וַיְהִי הַגֶּשֶׁם עַל־הָאָרֶץ אַרְבָּעִים יוֹם וְאַרְבָּעִים לָיְלָה׃ 12
בְּעֶצֶם הַיּוֹם הַזֶּה בָּא נֹחַ וְשֵׁם־וְחָם וָיֶפֶת בְּנֵי־נֹחַ וְאֵשֶׁת 13
נֹחַ וּשְׁלֹשֶׁת נְשֵׁי־בָנָיו אִתָּם אֶל־הַתֵּבָה׃ הֵמָּה וְכָל־הַחַיָּה 14
לְמִינָהּ וְכָל־הַבְּהֵמָה לְמִינָהּ וְכָל־הָרֶמֶשׂ הָרֹמֵשׂ עַל־
הָאָרֶץ לְמִינֵהוּ וְכָל־הָעוֹף לְמִינֵהוּ כֹּל צִפּוֹר כָּל־כָּנָף׃
וַיָּבֹאוּ אֶל־נֹחַ אֶל־הַתֵּבָה שְׁנַיִם שְׁנַיִם מִכָּל־הַבָּשָׂר אֲשֶׁר־ טו
בּוֹ רוּחַ חַיִּים׃ וְהַבָּאִים זָכָר וּנְקֵבָה מִכָּל־בָּשָׂר בָּאוּ 16
כַּאֲשֶׁר צִוָּה אֹתוֹ אֱלֹהִים וַיִּסְגֹּר יְהוָה בַּעֲדוֹ׃ וַיְהִי הַמַּבּוּל 17
אַרְבָּעִים יוֹם עַל־הָאָרֶץ וַיִּרְבּוּ הַמַּיִם וַיִּשְׂאוּ אֶת־הַתֵּבָה
וַתָּרָם מֵעַל הָאָרֶץ׃ וַיִּגְבְּרוּ הַמַּיִם וַיִּרְבּוּ מְאֹד עַל־הָאָרֶץ 18
וַתֵּלֶךְ הַתֵּבָה עַל־פְּנֵי הַמָּיִם׃ וְהַמַּיִם גָּבְרוּ מְאֹד מְאֹד 19
עַל־הָאָרֶץ וַיְכֻסּוּ כָּל־הֶהָרִים הַגְּבֹהִים אֲשֶׁר־תַּחַת כָּל־
הַשָּׁמָיִם׃ חֲמֵשׁ עֶשְׂרֵה אַמָּה מִלְמַעְלָה גָּבְרוּ הַמָּיִם וַיְכֻסּוּ כ
הֶהָרִים׃ וַיִּגְוַע כָּל־בָּשָׂר ׀ הָרֹמֵשׂ עַל־הָאָרֶץ בָּעוֹף וּבַבְּהֵמָה 21
וּבַחַיָּה וּבְכָל־הַשֶּׁרֶץ הַשֹּׁרֵץ עַל־הָאָרֶץ וְכֹל הָאָדָם׃ כֹּל 22
אֲשֶׁר נִשְׁמַת־רוּחַ חַיִּים בְּאַפָּיו מִכֹּל אֲשֶׁר בֶּחָרָבָה מֵתוּ׃
וַיִּמַח אֶת־כָּל־הַיְקוּם ׀ אֲשֶׁר ׀ עַל־פְּנֵי הָאֲדָמָה מֵאָדָם 23
עַד־בְּהֵמָה עַד־רֶמֶשׂ וְעַד־עוֹף הַשָּׁמַיִם וַיִּמָּחוּ מִן־הָאָרֶץ
וַיִּשָּׁאֶר אַךְ־נֹחַ וַאֲשֶׁר אִתּוֹ בַּתֵּבָה׃ וַיִּגְבְּרוּ הַמַּיִם עַל־ 24
הָאָרֶץ חֲמִשִּׁים וּמְאַת יוֹם׃

ח ח

וַיִּזְכֹּר אֱלֹהִים אֶת־נֹחַ וְאֵת כָּל־הַחַיָּה וְאֶת־כָּל־הַבְּהֵמָה א
אֲשֶׁר אִתּוֹ בַּתֵּבָה וַיַּעֲבֵר אֱלֹהִים רוּחַ עַל־הָאָרֶץ וַיָּשֹׁכּוּ
הַמָּיִם׃ וַיִּסָּכְרוּ מַעְיְנֹת תְּהוֹם וַאֲרֻבֹּת הַשָּׁמָיִם וַיִּכָּלֵא 2
הַגֶּשֶׁם מִן־הַשָּׁמָיִם׃ וַיָּשֻׁבוּ הַמַּיִם מֵעַל הָאָרֶץ הָלוֹךְ וָשׁוֹב 3
וַיַּחְסְרוּ הַמַּיִם מִקְצֵה חֲמִשִּׁים וּמְאַת יוֹם׃ וַתָּנַח הַתֵּבָה 4
בַּחֹדֶשׁ הַשְּׁבִיעִי בְּשִׁבְעָה־עָשָׂר יוֹם לַחֹדֶשׁ עַל הָרֵי אֲרָרָט׃

12 אונד דער רעגען איז געוועזען אויף
דער ערד פערציג טעג אונד פערציג
נעכט: 13 אין דעמזעלבען טאג איז
געקומען נח, אונד שם אונד חם אונד
יפת דיא זיהן פון נח, אונד דאס ווייב פון
נח, אונד דיא דרייא ווייבער פון זיינע
זיהן מיט זייא אין דעם קאסטען אריין:
14 זייא, אונ יעדע חיה צו איהר מין,
אונד יעדע בהמה צו איהר מין, יעדע
ווידמונג וואס ווידמעט זיך אויף דער
ערד צו איהר מין, אונד פייגעל צו יעדען
מין, אלערלייא פייגעל פון אלערלייא
פליגעל: 15 אונד זייא זענען געקומען
צו נח אין דעם קאסטען אריין, צווייא
אונד צווייא פון אלעם פלייש אין
וועלכע עס וואר א גייסט פון לעבען:
16 אונד דיא וואס זענען געקומען, א
זכר אונד א נקבה זענען געקומען פון
איטליכעם פלייש, אזוי וויא גאט האט
איהם געבאטען, אונד גאט האט הינטער
איהם צוגעשלאסען: 17 אונד דאס
מבול איז געוועזען פערציג טעג אויף
דער ערד, אונד דיא וואסער האבען זיך
געמעהרט, אונד זייא האבען דעם קאסטען
אויפגעהויבען, אונד ער איז דערהייכט
געווארען איבער דער ערד: 18 אונד דיא וואסער האבען זיך געשטארקט אונד
האט זיך זעהר פערמעהרט אויף דער ערד, אונד דער קאסטען איז געגאנגען
פון אויבען אויף דעם וואסער: 19 אונד דאס וואסער איז שטארק געווארען
אונד האט זיך זעהר פערמעהרט אויף דער ערד, אונד זייא האבען צוגעדעקט אלע
הויכע בערג וואס זענען אונטער דעם גאנצען הימעל: 20 פופצען איילען פון
אויבען האבען זיך דיא וואסער געשטארקט, אונד דיא בערג זענען צוגעדעקט גע־
ווארען: 21 אונד עס איז פערגאנגען אלעם פלייש וואס ווידמעט זיך אויף דער
ערד, פון דיא פייגעל אונד פון דיא בהמות אונד פון דיא חיות אונד פון אלע
ווידמונג וואס ווידמעט זיך אויף דער ערד, אונד אלע מענשען: 22 אלעם אין וועלכען
עס איז געוועזען איין אטהעם פון א לעבעדיגען גייסט אין זיינע נאזלעכער, פון
אלעם וואס עס איז געוועזען אויף דעם טריקענים זענען געשטארבען: 23 אונד ער
האט פערטילגט דען גאנצען בעשטאנד וואס איז געוועזען אויף דער ערד, פון דיא
מענשען ביז צו דיא בהמות ביז צו דיא ווידמונג, אונד ביז צו דיא פייגעל פון דעם
הימעל, אונד זייא זענען פערטילגט געווארען פון דער ערד, אונד עס איז
נאר איבערגעבליבען נח אונד דיא וואס זענען מיט איהם געוועזען אין דעם קאסטען:
24 אונד דיא וואסער האבען זיך געשטארקט אויף דער ערד הונדערט אונד פופציג טעג:

קאפיטעל ח

1 אונד גאט האט געדענקט אן נח אונד אן אלע חיות אונד אן אלע בהמות וואס זענען
געוועזען מיט איהם אין דעם קאסטען, אונד גאט האט געלאזט איבערפארען א ווינד
איבער דער ערד אונד דיא וואסער זענען געשטילט געווארען: 2 אונד עס זענען
פארשטאפט געווארען דיא קוואלען פון דעם אפגרונד אונד דיא פענסטער פון דעם
הימעל אונד דער רעגען פון דעם הימעל האט אויפגעהערט: 3 אונד דיא וואסער
האבען צוריק געקערט פון דער ערד אימער מעהר אונד מעהר, אונד דיא
וואסער זענען וועניגער געווארען נאך דעם ענד פון הונדערט אונד
פופציג טעג: 4 אונד דער קאסטען האט גערוהט אין דעם זיבעטען
חדש, אין דעם זיבעצעטען טאג פון דעם חדש אויף דיא בערג אררט:

אונד

ה וְהַמַּיִם הָיוּ הָלוֹךְ וְחָסוֹר עַד הַחֹדֶשׁ הָעֲשִׂירִי בָּעֲשִׂירִי
6 בְּאֶחָד לַחֹדֶשׁ נִרְאוּ רָאשֵׁי הֶהָרִים׃ וַיְהִי מִקֵּץ אַרְבָּעִים
7 יוֹם וַיִּפְתַּח נֹחַ אֶת־חַלּוֹן הַתֵּבָה אֲשֶׁר עָשָׂה׃ וַיְשַׁלַּח אֶת־
הָעֹרֵב וַיֵּצֵא יָצוֹא וָשׁוֹב עַד־יְבֹשֶׁת הַמַּיִם מֵעַל הָאָרֶץ׃
8 וַיְשַׁלַּח אֶת־הַיּוֹנָה מֵאִתּוֹ לִרְאוֹת הֲקַלּוּ הַמַּיִם מֵעַל פְּנֵי
9 הָאֲדָמָה׃ וְלֹא־מָצְאָה הַיּוֹנָה מָנוֹחַ לְכַף־רַגְלָהּ וַתָּשָׁב
אֵלָיו אֶל־הַתֵּבָה כִּי מַיִם עַל־פְּנֵי כָל־הָאָרֶץ וַיִּשְׁלַח יָדוֹ
י וַיִּקָּחֶהָ וַיָּבֵא אֹתָהּ אֵלָיו אֶל־הַתֵּבָה׃ וַיָּחֶל עוֹד שִׁבְעַת
11 יָמִים אֲחֵרִים וַיֹּסֶף שַׁלַּח אֶת־הַיּוֹנָה מִן־הַתֵּבָה׃ וַתָּבֹא
אֵלָיו הַיּוֹנָה לְעֵת עֶרֶב וְהִנֵּה עֲלֵה־זַיִת טָרָף בְּפִיהָ וַיֵּדַע
12 נֹחַ כִּי־קַלּוּ הַמַּיִם מֵעַל הָאָרֶץ׃ וַיִּיָּחֶל עוֹד שִׁבְעַת יָמִים
13 אֲחֵרִים וַיְשַׁלַּח אֶת־הַיּוֹנָה וְלֹא־יָסְפָה שׁוּב־אֵלָיו עוֹד׃ וַיְהִי
בְּאַחַת וְשֵׁשׁ־מֵאוֹת שָׁנָה בָּרִאשׁוֹן בְּאֶחָד לַחֹדֶשׁ חָרְבוּ
הַמַּיִם מֵעַל הָאָרֶץ וַיָּסַר נֹחַ אֶת־מִכְסֵה הַתֵּבָה וַיַּרְא וְהִנֵּה
14 חָרְבוּ פְּנֵי הָאֲדָמָה׃ וּבַחֹדֶשׁ הַשֵּׁנִי בְּשִׁבְעָה וְעֶשְׂרִים יוֹם
טו לַחֹדֶשׁ יָבְשָׁה הָאָרֶץ׃ ס וַיְדַבֵּר אֱלֹהִים אֶל־נֹחַ לֵאמֹר׃
16 צֵא מִן־הַתֵּבָה אַתָּה וְאִשְׁתְּךָ וּבָנֶיךָ וּנְשֵׁי־בָנֶיךָ אִתָּךְ׃
17 כָּל־הַחַיָּה אֲשֶׁר־אִתְּךָ מִכָּל־בָּשָׂר בָּעוֹף וּבַבְּהֵמָה וּבְכָל־
הָרֶמֶשׂ הָרֹמֵשׂ עַל־הָאָרֶץ הוֹצֵא אִתָּךְ וְשָׁרְצוּ בָאָרֶץ וּפָרוּ
18 וְרָבוּ עַל־הָאָרֶץ׃ וַיֵּצֵא־נֹחַ וּבָנָיו וְאִשְׁתּוֹ וּנְשֵׁי־בָנָיו אִתּוֹ׃
19 כָּל־הַחַיָּה כָּל־הָרֶמֶשׂ וְכָל־הָעוֹף כֹּל רוֹמֵשׂ עַל־הָאָרֶץ
כ לְמִשְׁפְּחֹתֵיהֶם יָצְאוּ מִן־הַתֵּבָה׃ וַיִּבֶן נֹחַ מִזְבֵּחַ לַיהוָה
וַיִּקַּח מִכֹּל ׀ הַבְּהֵמָה הַטְּהֹרָה וּמִכֹּל הָעוֹף הַטָּהֹר וַיַּעַל
21 עֹלֹת בַּמִּזְבֵּחַ׃ וַיָּרַח יְהוָה אֶת־רֵיחַ הַנִּיחֹחַ וַיֹּאמֶר יְהוָה
אֶל־לִבּוֹ לֹא־אֹסִף לְקַלֵּל עוֹד אֶת־הָאֲדָמָה בַּעֲבוּר
הָאָדָם כִּי יֵצֶר לֵב הָאָדָם רַע מִנְּעֻרָיו וְלֹא־אֹסִף עוֹד
22 לְהַכּוֹת אֶת־כָּל־חַי כַּאֲשֶׁר עָשִׂיתִי׃ עֹד כָּל־יְמֵי הָאָרֶץ

5 אונד דאס וואַסער איז אימער וועני-
גער געוואָרען ביז צום צעהנטען חֹדֶשׁ,
אין דעם ערשטען טאָג אין דעם צעהנ-
טען חֹדֶשׁ, זענען דיא בערג שפּיצען
געזעהען געוואָרען: 6 אונד עס איז גע-
וועזען נאָך דעם ענד פון פערציג טעג,
האָט נֹחַ אויפגעמאַכט דאס פענסטער
פון דעם קאַסטען וואס ער האָט געמאַכט:
7 אונד ער האָט אַרויס געשיקט דעם
ראָאבען אונד ער איז אַרום געפלויגען
אַהין אונד אַהער אונד איז צוריק געקומען
ביז דאס וואַסער האָט אויסגעטריקענט
פון אויף דער ערד: 8 אונד ער האָט
אַרויס געשיקט דיא טויב פון זיך, צו
זעהען אויב דיא וואַסער זענען גרינגער
געוואָרען פון אויף דער ערד: 9 אונד
דיא טויב האָט ניט געפונען קיין רוהה צו
דיא באַלען פון איהר פוס, אונד זיא האָט
צוריק געקערט צו איהם אין דעם קאַס-
טען אַריין, דען דיא וואַסער זענען גע-
וועזען אויף דער גאַנצער ערד, אונד ער
האָט אויסגעשטרעקט זיינע האַנד אונד
ער האָט זיא גענומען אונד ער האָט זיא
געבראַכט צו זיך אין דעם קאַסטען
אַריין: 10 אונד ער האָט געהאַרט נאָך
אַנדערע זיבען טעג, אונד ער האָט נאָכאַמאָל אַרויס געשיקט דיא טויב פון דעם
קאַסטען: 11 אונד דיא טויב איז צו איהם געקומען קעגען אָבענד צייט, אונד זעה,
אַ בלאַט פון איין אייל בוים פריש אָפּגעריסען איז געוועזען אין איהר מויל, אַזוי האָט
נֹחַ געוואוסט אַז דיא וואַסער זענען גרינגער געוואָרען פון אויף דער ערד: 12 אונד
ער האָט געהאַרט נאָך אַנדערע זיבען טעג, אונד ער האָט דיא טויב אַרויסגעשיקט,
אָבער זיא איז ניט מעהר צו איהם צוריק געקומען: 13 אונד עס איז געוועזען אין
דעם זעקס הונדערט אונד ערשטען יאָהר, אין דעם ערשטען חֹדֶשׁ, אין דעם ערשטען
טאָג פון דעם חֹדֶשׁ, זענען דיא וואַסער אויסגעטריקענט געוואָרען פון אויף דער ערד,
אונד נֹחַ האָט אָפּגעטהון דיא דעק פון דעם קאַסטען, אונד ער האָט געזעהען, אונד
נון דאס אַנגעזיכט פון דער ערד איז טרוקען געוועזען: 14 אונד אין דעם אַנדערען
חֹדֶשׁ, אין דעם זיבען אונד צוואַנציגסטען טאָג פון דעם חֹדֶשׁ, איז דיא ערד
טרוקען געוועזען: 15 אונד גאָט האָט גערעדט צו נֹחַ אַזוי צו זאָגען: 16 גייא
אַרויס פון דעם קאַסטען דוא אונד דיין ווייב, אונד דיינע זיהן אונד דיא ווייבער
פון דיינע זיהן מיט דיר: 17 אַלע חיות וואס זענען מיט דיר, פון אַלעם פלייש פון
פייגעל אונד פון בהמות, אונד פון אַלע דיא ווירמונג וואס ווירמעט זיך אויף דער
ערד, ברענג זייא אַרויס מיט דיר, אונד זייא זאָלען זיך ווירמענען אויף דער ערד,
אונד זייא זאָלען פרוכטבאַר זיין, אונד זייא זאָלען זיך מעהרען אויף דער ערד:
18 אונד נֹחַ איז אַרויסגעגאַנגען אונד זיינע זיהן אונד זיין ווייב אונד דיא ווייבער פון
זיינע זיהן מיט איהם: 19 אַלע חיות, אַלע ווירמונג אונד אַלע פייגעל, אַלעם וואס
ווירמעט זיך אויף דער ערד, צו זייערע געשלעכטער (גאַטונגען) זענען זייא אַרויס גע-
גאַנגען פון דעם קאַסטען: 20 אונד נֹחַ האָט געבויעט אַ מזבח צו גאָט, אונד ער
האָט גענומען פון אַלע ריינע בהמות, אונד פון אַלע ריינע פייגעל, אונד ער האָט
אויפגעבראַכט בראַנד־אָפּפער אויף דעם מזבח: 21 אונד גאָט האָט געשמעקט דעם
ליבליכען געשמאַק, אונד גאָט האָט געזאָגט אין זיין הארץ, איך וועל ניט מעהר
שעלטען נאָכאַמאָל דיא ערד וועגען דיא מענשען, וואָרין דאס טראַכטען פון
דעם הארץ פון דעם מענש איז שלעכט פון זיינער יוגענד אויף, אונד
איך וועל ניט מערען נאָכאַמאָל צו דערשלאָגען אַלעם לעבעדיגע אַזוי
וויא איך האָב געטהון: 22 אַזוי לאַנג עס זענען אַלע טעג פון דיא ערד
זאל

זָאל נִיט אוֹיפְהֶערֶען צוּ זַיין, זֵייעֶן אוּנְד
שְׁנִיט צֵייט, אוּנְד קֶעלְט אוּנְד הִיץ, אוּנְד
זוּמֶער אוּנְד ווִינְטֶער, אוּנְד טָאג אוּנְד
נאַכְט:

## קאפיטעל ט

1 אוּנְד גָאט הָאט גֶעבֶּענְשְׁט נֹחַ אוּנְד
זַיינֶע זִיהְן, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט צוּ
זֵייא, זַייט פְּרוּכְטְבַּאר אוּנְד מֶעהְרְט אֵייךְ,
אוּנְד דֶערְפִילְט דִיא עֶרְד: 2 אוּנְד אֵייעֶרֶע
פוּרְכְט אוּנְד אֵייעֶרֶע אַנְגְסְט זָאל זַיין אוֹיף
אַלֶע חַיוֹת פוּן דֶער עֶרְדֶ, אוּנְד אוֹיף
אַלֶע פֵייגֶעל פוּן דֶעם הִימֶעל, אִיבֶּער
אַלֶעם וָואס דִיא עֶרְד ווִידְמֶעט, אוּנְד
אִיבֶּער אַלֶע פִישׁ פוּן דֶעם יַם, אִין אֵייעֶרֶע
הֶענְד זֶענֶען זֵייא גֶעגֶעבֶּען: 3 אַלֶע
ווִידְמוּנְג, וָואס אִיז לֶעבֶּעדִיג, זָאל זַיין
צוּ אֵייךְ צוּ עֶסֶען, גְלֵייךְ ווִיא דָאס גְרִינֶע
גְרָאז הָאבּ אִיךְ אֵייךְ גֶעגֶעבֶּען אַלֶעס:
4 נֵייעֶרְט פְלֵיישׁ מִיט זַיין לֶעבֶּען, זַייךְ
בְּלוּט, זָאלְט אִיהְר נִיט עֶסֶען: 5 אָבֶּער
אוֹיךְ אֵייעֶר בְּלוּט פוּן אֵייעֶר לֶעבֶּען
ווֶעל אִיךְ פֶערְלַאנְגֶען, פוּן דֶער הַאנְד
פוּן אַלֶע חַיוֹת ווֶעל אִיךְ עֶס פֶערְלַאנְגֶען,
אוּנְד פוּן דֶער הַאנְד פוּן דֶעם מֶענְשׁ
פוּן דֶער הַאנְד פוּן אִיטְלִיכֶען מַאן'ס
בְּרוּדֶער ווֶעל אִיךְ פֶערְלַאנְגֶען דָאס
לֶעבֶּען פוּן דֶעם מֶענְשׁ: 6 דֶער וָואס פֶערְגִיסְט דָאס בְּלוּט פוּן דֶעם מֶענְשׁ, דוּרְךְ
דֶעם מֶענְשׁ זָאל זַיין בְּלוּט פֶערְגָאסֶען ווֶערֶען, ווָארִין אִין דֶעם בִּילְד פוּן גָאט הָאט
עֶר גֶעמַאכְט דֶעם מֶענְשׁ: 7 אוּנְד אִיהְר. זַייט פְּרוּכְטְבַּאר אוּנְד מֶעהְרְט אֵייךְ,
ווִידְמֶעט אֵייךְ אוֹיף דֶער עֶרְד אוּנְד מֶעהְרְט אֵייךְ אוֹיף אִיהְר: 8 אוּנְד גָאט הָאט
גֶעזָאגְט צוּ נֹחַ אוּנְד צוּ זַיינֶע זִיהְן מִיט אִיהְם, אַזוֹי צוּ זָאגֶען: 9 אוּנְד אִיךְ, זֶעה אִיךְ
ווֶעל בֶּעשְׁטֶעטִיגֶען מֵיין בּוּנְד מִיט אֵייךְ, אוּנְד מִיט אֵייעֶר זָאמֶען נָאךְ אֵייךְ: 10 אוּנְד
מִיט אַלֶע לֶעבֶּעדִיגֶע נְפָשׁוֹת וָואס זֶענֶען מִיט אֵייךְ, פוּן פֵייגֶעל פוּן בְּהֵמוֹת, אוּנְד פוּן
אַלֶע חַיוֹת פוּן דֶער עֶרְד מִיט אֵייךְ, פוּן אַלֶע וָואס זֶענֶען אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען פוּן דֶעם
קַאסְטֶען, פוּן אַלֶע חַיוֹת פוּן דֶער עֶרְד: 11 אוּנְד אִיךְ ווֶעל בֶּעשְׁטֶעטִיגֶען מֵיין בּוּנְד
מִיט אֵייךְ, אוּנְד אַלֶעס פְלֵיישׁ זָאל נִיט נָאכְאַמָאל פֶערְשְׁנִיטֶען ווֶערֶען דוּרְךְ דֶעם
וַואסֶער פוּן דֶעם מַבּוּל, אוּנְד דָאס מַבּוּל זָאל נִיט זַיין נָאכְאַמָאל צוּ פֶערְדַארְבֶּען דִיא
עֶרְד: 12 אוּנְד גָאט הָאט גֶעזָאגְט, דָאס אִיז דָאס צֵייכֶען פוּן דֶעם בּוּנְד וָואס אִיךְ
מַאךְ צְווִישֶׁען מִיר אוּנְד צְווִישֶׁען אֵייךְ, אוּנְד צְווִישֶׁען אַלֶע לֶעבֶּעדִיגֶע נְפָשׁוֹת וָואס
זֶענֶען מִיט אֵייךְ, צוּ אֵייבִּיגֶע גֶעשְׁלֶעכְטֶער: 13 מֵיין בּוֹיגֶען הָאבּ אִיךְ גֶעגֶעבֶּען אִין
דֶעם ווָאלְקֶען, אוּנְד עֶר ווֶעט זַיין צוּ אַ צֵייכֶען פוּן דֶעם בּוּנְד צְווִישֶׁען מִיר אוּנְד
צְווִישֶׁען דִיא עֶרְד: 14 אוּנְד עֶס ווֶעט זַיין, ווֶען אִיךְ ווֶעל ווָאלְקֶענֶען אַ ווָאלְקֶען
אוֹיף דֶער עֶרְד, אַזוֹי ווֶעט גֶעזֶעהֶען ווֶערֶען דֶער בּוֹיגֶען אִין דֶעם ווָאלְקֶען: 15 אוּנְד
אִיךְ ווֶעל גֶעדֶענְקֶען אָן מֵיין בּוּנְד וָואס אִיז צְווִישֶׁען מִיר אוּנְד צְווִישֶׁען אֵייךְ אוּנְד
צְווִישֶׁען יֶעדֶע לֶעבֶּעדִיגֶע זֶעלֶע אִין אַלֶעם פְלֵיישׁ, אוּנְד דִיא וַואסֶער זָאל נִיט זַיין
נָאכְאַמָאל צוּ אַ מַבּוּל צוּ פֶערְדַארְבֶּען אַלֶעם פְלֵיישׁ: 16 אוּנְד דֶער בּוֹיגֶען ווֶעט
זַיין אִין דֶעם ווָאלְקֶען, אוּנְד אִיךְ ווֶעל אִיהְם זֶעהֶען, צוּ גֶעדֶענְקֶען דֶעם אֵייבִּיגֶען בּוּנְד
צְווִישֶׁען גָאט אוּנְד צְווִישֶׁען אַלֶע לֶעבֶּעדִיגֶע נְפָשׁוֹת אִין אַלֶעם פְלֵיישׁ, וָואס אִיז אוֹיף
דֶער עֶרְד: 17 אוּנְד גָאט הָאט גֶעזָאגְט צוּ נֹחַ, דָאס אִיז דָאס צֵייכֶען פוּן דֶעם בּוּנְד
וָואס אִיךְ הָאבּ אוֹיפְגֶעשְׁטֶעלְט צְווִישֶׁען מִיר אוּנְד צְווִישֶׁען אַלֶעם פְלֵיישׁ וָואס אִיז
אוֹיף דֶער עֶרְד:

זֶרַע וְקָצִיר וְקֹר וָחֹם וְקַיִץ וָחֹרֶף וְיוֹם וָלַיְלָה לֹא
יִשְׁבֹּתוּ:

## ט

א וַיְבָרֶךְ אֱלֹהִים אֶת־נֹחַ וְאֶת־בָּנָיו וַיֹּאמֶר לָהֶם פְּרוּ וּרְבוּ
2 וּמִלְאוּ אֶת־הָאָרֶץ: וּמוֹרַאֲכֶם וְחִתְּכֶם יִהְיֶה עַל כָּל־חַיַּת
הָאָרֶץ וְעַל כָּל־עוֹף הַשָּׁמָיִם בְּכֹל אֲשֶׁר תִּרְמֹשׂ הָאֲדָמָה
3 וּבְכָל־דְּגֵי הַיָּם בְּיֶדְכֶם נִתָּנוּ: כָּל־רֶמֶשׂ אֲשֶׁר הוּא־חַי לָכֶם
4 יִהְיֶה לְאָכְלָה כְּיֶרֶק עֵשֶׂב נָתַתִּי לָכֶם אֶת־כֹּל: אַךְ־בָּשָׂר
ה בְּנַפְשׁוֹ דָמוֹ לֹא תֹאכֵלוּ: וְאַךְ אֶת־דִּמְכֶם לְנַפְשֹׁתֵיכֶם
אֶדְרֹשׁ מִיַּד כָּל־חַיָּה אֶדְרְשֶׁנּוּ וּמִיַּד הָאָדָם מִיַּד אִישׁ אָחִיו
6 אֶדְרֹשׁ אֶת־נֶפֶשׁ הָאָדָם: שֹׁפֵךְ דַּם הָאָדָם בָּאָדָם דָּמוֹ
7 יִשָּׁפֵךְ כִּי בְּצֶלֶם אֱלֹהִים עָשָׂה אֶת־הָאָדָם: וְאַתֶּם פְּרוּ
8 וּרְבוּ שִׁרְצוּ בָאָרֶץ וּרְבוּ־בָהּ: ס וַיֹּאמֶר אֱלֹהִים אֶל־
9 נֹחַ וְאֶל־בָּנָיו אִתּוֹ לֵאמֹר: וַאֲנִי הִנְנִי מֵקִים אֶת־בְּרִיתִי
י אִתְּכֶם וְאֶת־זַרְעֲכֶם אַחֲרֵיכֶם: וְאֵת כָּל־נֶפֶשׁ הַחַיָּה אֲשֶׁר
אִתְּכֶם בָּעוֹף בַּבְּהֵמָה וּבְכָל־חַיַּת הָאָרֶץ אִתְּכֶם מִכֹּל יֹצְאֵי
11 הַתֵּבָה לְכֹל חַיַּת הָאָרֶץ: וַהֲקִמֹתִי אֶת־בְּרִיתִי אִתְּכֶם
וְלֹא־יִכָּרֵת כָּל־בָּשָׂר עוֹד מִמֵּי הַמַּבּוּל וְלֹא־יִהְיֶה עוֹד
12 מַבּוּל לְשַׁחֵת הָאָרֶץ: וַיֹּאמֶר אֱלֹהִים זֹאת אוֹת־הַבְּרִית
אֲשֶׁר־אֲנִי נֹתֵן בֵּינִי וּבֵינֵיכֶם וּבֵין כָּל־נֶפֶשׁ חַיָּה אֲשֶׁר אִתְּכֶם
13 לְדֹרֹת עוֹלָם: אֶת־קַשְׁתִּי נָתַתִּי בֶּעָנָן וְהָיְתָה לְאוֹת בְּרִית
14 בֵּינִי וּבֵין הָאָרֶץ: וְהָיָה בְּעַנְנִי עָנָן עַל־הָאָרֶץ וְנִרְאֲתָה
טו הַקֶּשֶׁת בֶּעָנָן: וְזָכַרְתִּי אֶת־בְּרִיתִי אֲשֶׁר בֵּינִי וּבֵינֵיכֶם וּבֵין
כָּל־נֶפֶשׁ חַיָּה בְּכָל־בָּשָׂר וְלֹא־יִהְיֶה עוֹד הַמַּיִם לְמַבּוּל
16 לְשַׁחֵת כָּל־בָּשָׂר: וְהָיְתָה הַקֶּשֶׁת בֶּעָנָן וּרְאִיתִיהָ לִזְכֹּר
בְּרִית עוֹלָם בֵּין אֱלֹהִים וּבֵין כָּל־נֶפֶשׁ חַיָּה בְּכָל־בָּשָׂר
17 אֲשֶׁר עַל־הָאָרֶץ: וַיֹּאמֶר אֱלֹהִים אֶל־נֹחַ זֹאת אוֹת־הַבְּרִית
אֲשֶׁר הֲקִמֹתִי בֵּינִי וּבֵין כָּל־בָּשָׂר אֲשֶׁר עַל־הָאָרֶץ: פ

18 ויהיו בני־נח היצאים מן־התבה שם וחם ויפת וחם הוא
19 אבי כנען: שלשה אלה בני־נח ומאלה נפצה כל־הארץ:
כ 21 ויחל נח איש האדמה ויטע כרם: וישת מן־היין וישכר
22 ויתגל בתוך אהלה: וירא חם אבי כנען את ערות אביו
23 ויגד לשני־אחיו בחוץ: ויקח שם ויפת את־השמלה
וישימו על־שכם שניהם וילכו אחרנית ויכסו את ערות
24 אביהם ופניהם אחרנית וערות אביהם לא ראו: וייקץ
כה נח מיינו וידע את אשר־עשה לו בנו הקטן: ויאמר
26 ארור כנען עבד עבדים יהיה לאחיו: ויאמר ברוך יהוה
27 אלהי שם ויהי כנען עבד למו: יפת אלהים ליפת וישכן
28 באהלי־שם ויהי כנען עבד למו: ויחי־נח אחר המבול
29 שלש מאות שנה וחמשים שנה: ויהי כל־ימי־נח תשע
מאות שנה וחמשים שנה וימת: פ

י

א ואלה תולדת בני־נח שם חם ויפת ויולדו להם בנים
2 אחר המבול: בני יפת גמר ומגוג ומדי ויון ותבל ומשך
3 4 ותירס: ובני גמר אשכנז וריפת ותגרמה: ובני יון
ה אלישה ותרשיש כתים ודדנים: מאלה נפרדו איי הגוים
6 בארצתם איש ללשנו למשפחתם בגויהם: ובני חם
7 כוש ומצרים ופוט וכנען: ובני כוש סבא וחוילה וסבתה
8 ורעמה וסבתכא ובני רעמה שבא ודדן: וכוש ילד את־
9 נמרד הוא החל להיות גבר בארץ: הוא־היה גבר־ציד
לפני יהוה על־כן יאמר כנמרד גבור ציד לפני יהוה:
י ותהי ראשית ממלכתו בבל וארך ואכד וכלנה בארץ
11 שנער: מן־הארץ ההוא יצא אשור ויבן את־נינוה ואת־
12 רחבת עיר ואת־כלח: ואת־רסן בין נינוה ובין כלח
13 הוא העיר הגדלה: ומצרים ילד את־לודים ואת־ענמים

18 אונד די זיהן פון נח וועלכע זענען ארויסגעגאנגען פון דעם קאסטען זענען געוועזען, שם אונד חם אונד יפת. אונד חם ער איז דער פאטער פון כנען: 19 דיזע דרייא זענען די זיהן פון נח, אונד פון דיזע איז די גאנצע וועלט פערשפרייט געווארען: 20 אונד נח האט אנגעהויבען צו ווערען איין אקערמאן, אונד ער האט געפלאנצט א וויינגארטען: 21 אונד ער האט געטרונקען פון דעם וויין, אונד ער האט זיך אנגעשכורט, אונד ער האט זיך אויפגעדעקט אין מיטען זיין געצעלט: 22 אונד חם דער פאטער פון כנען האט געזעהען די שאנד פון זיין פאטער, אונד ער האט עס אנגעזאגט צו זיינע צווייא ברידער אין דרויסען: 23 אונד שם אונד יפת האבען גענומען דאס קלייד אונד זייא האבען עס געלייגט אויף זייערע ביידע אקסעלן, אונד זייא זענען געגאנגען הינטערווייעלעכס, אונד זייא האבען צוגעדעקט די שאנד פון זייער פאטער, אונד זייער פנים איז געוועזען הינטערווייעלעכס, אונד די שאנד פון זייער פאטער האבען זייא ניט געזעהען: 24 אונד נח איז אויפגעוואכט פון זיין וויין, אונד ער האט געוואוסט וואס זיין קלענערער זוהן האט איהם געטהון: 25 אונד ער האט געזאגט פערשאלטען זאל זיין כנען, א קנעכט פון קנעכטען זאל ער זיין צו זיינע ברידער: 26 אונד ער האט געזאגט, געבענשט זאל זיין דער גאט פון שם אונד כנען זאל זיין א קנעכט צו איהם: 27 גאט זאל דערווייטערן יפת, אונד ער זאל וואוינען אין די געצעלטען פון שם, אונד כנען זאל זיין א קנעכט צו איהם: 28 אונד נח האט געלעבט נאך דעם מבול דרייא הונדערט אונד פופציג יאהר: 29 אונד עס זענען געוועזען אלע טעג פון נח ניין הונדערט אונד פופציג יאהר, אונד ער איז געשטארבען:

## קאפיטעל י

1 אונד דיזע זענען די געשלעכטער פון די קינדער פון נח, שם חם אונד יפת, אונד צו זייא זענען געבוירען געווארען קינדער נאך דעם מבול: 2 די זיהן פון יפת, גמר אונד מגוג אונד מדי אונד יון אונד תבל אונד משך אונד תירס: 3 אונד די זיהן פון גמר, אשכנז אונד ריפת אונד תגרמה: 4 אונד די זיהן פון יון, אלישה אונד תרשיש, כתים אונד דדנים: 5 פון דיזע זענען אפגעטיילט געווארען די אינזעלן פון די פעלקער אין זייערע לענדער, איטליכער צו זיינע שפראך, צו זייערע געשלעכטער אונטער זייערע פעלקער: 6 אונד די זיהן פון חם, כוש אונד מצרים, אונד פוט, אונד כנען: 7 אונד די זיהן פון כוש, סבא אונד חוילה, אונד סבתא, אונד רעמה, אונד סבתכא, אונד די זיהן פון רעמה, שבא אונד דדן: 8 אונד כוש האט געבוירען דעם נמרד, ער האט אנגעהויבען צו זיין א שטארקער אויף דער ערד: 9 ער איז געוועזען א שטארקער יעגער פאר גאט, דעריבער ווערט געזאגט, אזוי וויא נמרד א שטארקער יעגער פאר גאט: 10 אונד דער אנהייב פון זיין קעניגרייך איז געוועזען בבל, אונד ארך, אונד אכד, אונד כלנה, אין דעם לאנד שנער: 11 פון דעמזעלביגען לאנד איז אשור ארויסגעגאנגען, אונד ער האט געבויעט נינוה אונד רחבת עיר אונד כלח: 12 אונד רסן צווישען נינוה אונד צווישען כלח, דאס איז די גרויסע שטאט: 13 אונד מצרים האט געוואונען די לודים אונד די ענמים,

14 וְאֶת־לְהָבִים וְאֶת־נַפְתֻּחִים׃ וְאֶת־פַּתְרֻסִים וְאֶת־כַּסְלֻחִים
טו אֲשֶׁר יָצְאוּ מִשָּׁם פְּלִשְׁתִּים וְאֶת־כַּפְתֹּרִים׃ ס וּכְנַעַן
16 יָלַד אֶת־צִידֹן בְּכֹרוֹ וְאֶת־חֵת׃ וְאֶת־הַיְבוּסִי וְאֶת־הָאֱמֹרִי
17 18 וְאֵת הַגִּרְגָּשִׁי׃ וְאֶת־הַחִוִּי וְאֶת־הַעַרְקִי וְאֶת־הַסִּינִי׃ וְאֶת־
הָאַרְוָדִי וְאֶת־הַצְּמָרִי וְאֶת־הַחֲמָתִי וְאַחַר נָפֹצוּ מִשְׁפְּחוֹת
19 הַכְּנַעֲנִי׃ וַיְהִי גְּבוּל הַכְּנַעֲנִי מִצִּידֹן בֹּאֲכָה גְרָרָה עַד־עַזָּה
כ בֹּאֲכָה סְדֹמָה וַעֲמֹרָה וְאַדְמָה וּצְבֹיִם עַד־לָשַׁע׃ אֵלֶּה
בְנֵי־חָם לְמִשְׁפְּחֹתָם לִלְשֹׁנֹתָם בְּאַרְצֹתָם בְּגוֹיֵהֶם׃ ס
21 וּלְשֵׁם יֻלַּד גַּם־הוּא אֲבִי כָּל־בְּנֵי־עֵבֶר אֲחִי יֶפֶת הַגָּדוֹל׃
22 23 בְּנֵי שֵׁם עֵילָם וְאַשּׁוּר וְאַרְפַּכְשַׁד וְלוּד וַאֲרָם׃ וּבְנֵי אֲרָם
24 עוּץ וְחוּל וְגֶתֶר וָמַשׁ׃ וְאַרְפַּכְשַׁד יָלַד אֶת־שָׁלַח וְשֶׁלַח
כה יָלַד אֶת־עֵבֶר׃ וּלְעֵבֶר יֻלַּד שְׁנֵי בָנִים שֵׁם הָאֶחָד פֶּלֶג
26 כִּי בְיָמָיו נִפְלְגָה הָאָרֶץ וְשֵׁם אָחִיו יָקְטָן׃ וְיָקְטָן יָלַד אֶת־
27 אַלְמוֹדָד וְאֶת־שָׁלֶף וְאֶת־חֲצַרְמָוֶת וְאֶת־יָרַח׃ וְאֶת־הֲדוֹרָם
28 וְאֶת־אוּזָל וְאֶת־דִּקְלָה׃ וְאֶת־עוֹבָל וְאֶת־אֲבִימָאֵל וְאֶת־
29 שְׁבָא׃ וְאֶת־אוֹפִר וְאֶת־חֲוִילָה וְאֶת־יוֹבָב כָּל־אֵלֶּה בְּנֵי
ל יָקְטָן׃ וַיְהִי מוֹשָׁבָם מִמֵּשָׁא בֹּאֲכָה סְפָרָה הַר הַקֶּדֶם׃
31 אֵלֶּה בְנֵי־שֵׁם לְמִשְׁפְּחֹתָם לִלְשֹׁנֹתָם בְּאַרְצֹתָם לְגוֹיֵהֶם׃
32 אֵלֶּה מִשְׁפְּחֹת בְּנֵי־נֹחַ לְתוֹלְדֹתָם בְּגוֹיֵהֶם וּמֵאֵלֶּה נִפְרְדוּ
הַגּוֹיִם בָּאָרֶץ אַחַר הַמַּבּוּל׃ פ

## יא

יא

א וַיְהִי כָל־הָאָרֶץ שָׂפָה אֶחָת וּדְבָרִים אֲחָדִים׃ וַיְהִי בְּנָסְעָם 2
3 מִקֶּדֶם וַיִּמְצְאוּ בִקְעָה בְּאֶרֶץ שִׁנְעָר וַיֵּשְׁבוּ שָׁם׃ וַיֹּאמְרוּ
אִישׁ אֶל־רֵעֵהוּ הָבָה נִלְבְּנָה לְבֵנִים וְנִשְׂרְפָה לִשְׂרֵפָה
וַתְּהִי לָהֶם הַלְּבֵנָה לְאָבֶן וְהַחֵמָר הָיָה לָהֶם לַחֹמֶר׃
4 וַיֹּאמְרוּ הָבָה ׀ נִבְנֶה־לָּנוּ עִיר וּמִגְדָּל וְרֹאשׁוֹ בַשָּׁמַיִם
ה וְנַעֲשֶׂה־לָּנוּ שֵׁם פֶּן־נָפוּץ עַל־פְּנֵי כָל־הָאָרֶץ׃ וַיֵּרֶד יְהוָה

אונד דיא לְהָבִים, אונד דיא נַפְתֻּחִים:
14 אונד דיא פַּתְרֻסִים, אונד דיא כַּסְלֻחִים,
פון דָארט זענען ארויסגעקומען דיא
פְּלִשְׁתִּים אונד דיא כַּפְתֹּרִים: 15 אונד
כְּנַעַן האט געבוירען צִידוֹן זיין ערשט־
געבוירענעם (בְּכוֹר), אונד חֵת: 16 אונד
יְבוּסִי, אונד אֱמֹרִי, אונד גִרְגָּשִׁי: 17 אונד
חִוִּי, אונד עַרְקִי, אונד סִינִי: 18 אונד אַרְוָדִי,
אונד צְמָרִי, אונד חֲמָתִי; אונד דערנאך
זענען דיא געשלעכטער (מִשְׁפָּחוֹת) פון
כְּנַעַן פערשפרייט געווארען: 19 אונד
דיא גרענעץ פון כְּנַעֲנִי איז געוועזען פון
צִידוֹן וואו דו קומסט קיין גְרָר, ביז
עַזָּה, וואו דו קומסט קיין סְדֹם אונד
עֲמֹרָה, אונד אַדְמָה אונד צְבוֹיִם, ביז
לָשַׁע: 20 דיזע זענען דיא קינדער פון
חָם נאך זייערע געשלעכטער, נאך זייערע
שפראכען, אין זייערע לענדער, אין זייערע
פעלקער: 21 אונד צו שֵׁם, אויך צו
איהם זענען געבוירען געווארען (קינדער),
ער איז דער פאטער פון אַלע קינדער
פון עֵבֶר, דער ברודער פון יֶפֶת דער
גרויסער: 22 דיא קינדער פון שֵׁם
זענען עֵילָם, אונד אַשּׁוּר, אַרְפַּכְשַׁד, אונד לוּד אונד אֲרָם: 23 אונד דיא קינדער
פון אֲרָם, עוּץ, אונד חוּל, אונד גֶתֶר, אונד מַשׁ: 24 אונד אַרְפַּכְשַׁד האט געבוירען
שֶׁלַח, אונד שֶׁלַח האט געבוירען עֵבֶר: 25 אונד צו עֵבֶר זענען געבוירען געווארען
צוויא זיהן, דער נאמען פון איינעם איז געוועזען פֶּלֶג, ווארין אין זיינע טעג איז דיא
ערד צוטיילט געווארען, אונד דער נאמען פון זיין ברודער איז געוועזען יָקְטָן:
26 אונד יָקְטָן האט געבוירען אַלְמוֹדָד, אונד שָׁלֶף, אונד חֲצַרְמָוֶת, אונד יָרַח: 27 אונד
הֲדוֹרָם אונד אוּזָל, אונד דִקְלָה: 28 אונד עוֹבָל, אונד אֲבִימָאֵל אונד שְׁבָא: 29 אונד
אוֹפִיר, אונד חֲוִילָה, אונד יוֹבָב, אַלע דיזע זענען דיא קינדער פון יָקְטָן: 30 אונד זייערע
וואוינונג איז געוועזען פון מֵשָׁא וואו דו קומסט קיין סְפָרָה, דער בארג פון מִזְרַח־
זייט: 31 דיזע זענען דיא קינדער פון שֵׁם נאך זייערע געשלעכטער, נאך זייערע שפראכען,
אין זייערע לענדער, אין זייערע פעלקער: 32 דיזע זענען דיא געשלעכטער פון דיא
זיהן פון נֹחַ, נאך זייערע געבורט אין זייערע פעלקער. אונד פון דיזע זענען דיא פעלְ־
קער צערטיילט געווארען אויף דער ערד נאך דעם מַבּוּל:

## קאפיטעל יא

1 אונד דיא גאנצע ערד איז געוועזען פון איינע שפראך, אונד פון איינערליא ווערְ־
טער: 2 אונד עס איז געוועזען ווען זייא האבען אוועקגעצויגען פון מִזְרַח־זייט, אזוי
האבען זייא געפונען א טאהל אין דעם לאנד שִׁנְעָר, אונד זייא האבען זיך דארט
בעזעצט: 3 אונד זייא האבען געזאגט איינער צום אנדערען, אט, לאמיר מאכען
ציגעל, אונד זייא גוט דורכברענען, אונד דיא ציגעל זענען געוועזען צו זייא צו
שטיין אונד דער לעהם איז צו זייא געוועזען צו קלעבען: 4 אונד זייא האבען
געזאגט, קומט, לאמיר בויען צו אונס א שטאט אונד א טורעם, אונד זיין שפיץ זאל
זיין אין דעם הימעל, אונד מיר וועלען אונס מאכען א נאמען טאמער וועלען מיר
צושפרייט ווערען אויף דער גאנצער ערד: 5 אונד גאט האט אראפגענידערט

לִרְאֹת אֶת־הָעִיר וְאֶת־הַמִּגְדָּל אֲשֶׁר בָּנוּ בְּנֵי הָאָדָם׃
6 וַיֹּאמֶר יְהוָה הֵן עַם אֶחָד וְשָׂפָה אַחַת לְכֻלָּם וְזֶה הַחִלָּם
לַעֲשׂוֹת וְעַתָּה לֹא־יִבָּצֵר מֵהֶם כֹּל אֲשֶׁר יָזְמוּ לַעֲשׂוֹת׃
7 הָבָה נֵרְדָה וְנָבְלָה שָׁם שְׂפָתָם אֲשֶׁר לֹא יִשְׁמְעוּ אִישׁ
8 שְׂפַת רֵעֵהוּ׃ וַיָּפֶץ יְהוָה אֹתָם מִשָּׁם עַל־פְּנֵי כָל־הָאָרֶץ
9 וַיַּחְדְּלוּ לִבְנֹת הָעִיר׃ עַל־כֵּן קָרָא שְׁמָהּ בָּבֶל כִּי־שָׁם
בָּלַל יְהוָה שְׂפַת כָּל־הָאָרֶץ וּמִשָּׁם הֱפִיצָם יְהוָה עַל־פְּנֵי
כָּל־הָאָרֶץ׃ פ
י אֵלֶּה תּוֹלְדֹת שֵׁם שֵׁם בֶּן־מְאַת שָׁנָה וַיּוֹלֶד אֶת־אַרְפַּכְשָׁד
11 שְׁנָתַיִם אַחַר הַמַּבּוּל׃ וַיְחִי־שֵׁם אַחֲרֵי הוֹלִידוֹ אֶת־אַרְפַּכְשָׁד
12 חֲמֵשׁ מֵאוֹת שָׁנָה וַיּוֹלֶד בָּנִים וּבָנוֹת׃ ס וְאַרְפַּכְשַׁד
13 חַי חָמֵשׁ וּשְׁלֹשִׁים שָׁנָה וַיּוֹלֶד אֶת־שָׁלַח׃ וַיְחִי אַרְפַּכְשַׁד
אַחֲרֵי הוֹלִידוֹ אֶת־שֶׁלַח שָׁלֹשׁ שָׁנִים וְאַרְבַּע מֵאוֹת שָׁנָה
14 וַיּוֹלֶד בָּנִים וּבָנוֹת׃ ס וְשֶׁלַח חַי שְׁלֹשִׁים שָׁנָה וַיּוֹלֶד
טו אֶת־עֵבֶר׃ וַיְחִי־שֶׁלַח אַחֲרֵי הוֹלִידוֹ אֶת־עֵבֶר שָׁלֹשׁ שָׁנִים
16 וְאַרְבַּע מֵאוֹת שָׁנָה וַיּוֹלֶד בָּנִים וּבָנוֹת׃ ס וַיְחִי־
17 עֵבֶר אַרְבַּע וּשְׁלֹשִׁים שָׁנָה וַיּוֹלֶד אֶת־פָּלֶג׃ וַיְחִי־עֵבֶר
אַחֲרֵי הוֹלִידוֹ אֶת־פֶּלֶג שְׁלֹשִׁים שָׁנָה וְאַרְבַּע מֵאוֹת שָׁנָה
18 וַיּוֹלֶד בָּנִים וּבָנוֹת׃ ס וַיְחִי־פֶלֶג שְׁלֹשִׁים שָׁנָה וַיּוֹלֶד
19 אֶת־רְעוּ׃ וַיְחִי־פֶלֶג אַחֲרֵי הוֹלִידוֹ אֶת־רְעוּ תֵּשַׁע שָׁנִים
כ וּמָאתַיִם שָׁנָה וַיּוֹלֶד בָּנִים וּבָנוֹת׃ ס וַיְחִי רְעוּ שְׁתַּיִם
21 וּשְׁלֹשִׁים שָׁנָה וַיּוֹלֶד אֶת־שְׂרוּג׃ וַיְחִי רְעוּ אַחֲרֵי הוֹלִידוֹ
אֶת־שְׂרוּג שֶׁבַע שָׁנִים וּמָאתַיִם שָׁנָה וַיּוֹלֶד בָּנִים וּבָנוֹת׃
22 23 ס וַיְחִי שְׂרוּג שְׁלֹשִׁים שָׁנָה וַיּוֹלֶד אֶת־נָחוֹר׃ וַיְחִי שְׂרוּג
אַחֲרֵי הוֹלִידוֹ אֶת־נָחוֹר מָאתַיִם שָׁנָה וַיּוֹלֶד בָּנִים וּבָנוֹת׃
24 כה ס וַיְחִי נָחוֹר תֵּשַׁע וְעֶשְׂרִים שָׁנָה וַיּוֹלֶד אֶת־תָּרַח׃ וַיְחִי
נָחוֹר אַחֲרֵי הוֹלִידוֹ אֶת־תֶּרַח תְּשַׁע־עֶשְׂרֵה שָׁנָה וּמְאַת

צוּ זֶעהֶען דִיא שְׁטָאט אוּנְד דֶעם טוּרֶעם וָואס דִיא מֶענְשֶׁען־קִינְדֶער הָאבֶּען גֶע־בּוֹיעֶט׃ 6 אוּנְד גָאט הָאט גֶעזָאגְט, נוּן, עֶס אִיז אֵיין פָאלְק, אוּנְד אַלֶע הָאבֶּען אֵיינֶע שְׁפְּרַאךְ, אוּנְד דִיזֶעס הָאבֶּען זֵייא אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ טְהוּן, אוּנְד אִיצְט וֶועלֶען זֵייא נִיט צוּרִיק גֶעהַאלְטֶען וֶוערֶען וָואס זֵייא דֶענְקֶען צוּ טְהוּן׃ 7 קוּמְט לָאמִיר אַרָאפְּנִידֶערֶען, אוּנְד מִיר וֶועלֶען דָארְטֶען צוּמִישֶׁען זֵיירֶע שְׁפְּרַאךְ, אַז אֵיינֶער זָאל נִיט פֶערְשְׁטֵיין דִיא שְׁפְּרַאךְ פוּן זֵיין פְרֵיינְד׃ 8 אוּנְד גָאט הָאט זֵייא פֶערְשְׁפְּרֵייט פוּן דָארְטֶען אוֹיף דֶער גַאנְצֶער עֶרְד, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אוֹיפְגֶעהֶערְט צוּ בּוֹיעֶן דִיא שְׁטָאט׃ 9 דְרוּם הָאט מֶען גֶערוּפֶען אִיהְר נָאמֶען בָּבֶל, וָוארִין דָארְט הָאט גָאט צוּמִישְׁט דִיא שְׁפְּרַאךְ פוּן דֶער גַאנְצֶען עֶרְד, אוּנְד פוּן דָארְטֶען הָאט זֵייא גָאט פֶערְשְׁפְּרֵייט אוֹיף דֶער גַאנְצֶער עֶרְד׃

10 דִיזֶע זֶענֶען דִיא דוֹרוֹת פוּן שֵׁם, שֵׁם אִיז אַלְט גֶעוֶועזֶען הוּנְדֶערְט יָאהְר, אוּנְד עֶר הָאט גֶעבּוֹירֶען אַרְפַּכְשַׁד, צְוֵוייא יָאהְר נָאךְ דֶעם מַבּוּל׃ 11 אוּנְד שֵׁם הָאט גֶעלֶעבְּט נָאכְדֶעם אַז עֶר הָאט גֶעבּוֹירֶען אַרְפַּכְשַׁד פִינְף הוּנְדֶערְט יָאהְר, אוּנְד עֶר הָאט גֶעבּוֹירֶען זִיהְן אוּנְד טֶעכְטֶער׃ 12 אוּנְד אַרְפַּכְשַׁד הָאט גֶעלֶעבְּט פִינְף אוּנְד דְרֵייסִיג יָאהְר, אוּנְד עֶר הָאט גֶעבּוֹירֶען שָׁלַח׃ 13 אוּנְד אַרְפַּכְשַׁד הָאט גֶעלֶעבְּט נָאכְדֶעם אַז עֶר הָאט גֶעבּוֹירֶען שֶׁלַח, פִיעֶר הוּנְדֶערְט אוּנְד דְרֵייא יָאהְר, אוּנְד עֶר הָאט גֶעבּוֹירֶען זִיהְן אוּנְד טֶעכְטֶער׃ 14 אוּנְד שֶׁלַח הָאט גֶעלֶעבְּט דְרֵייסִיג יָאהְר, אוּנְד עֶר הָאט גֶעבּוֹירֶען עֵבֶר׃ 15 אוּנְד שֶׁלַח הָאט גֶעלֶעבְּט נָאכְדֶעם אַז עֶר הָאט גֶעבּוֹירֶען עֵבֶר, פִיעֶר הוּנְדֶערְט אוּנְד דְרֵייא יָאהְר, אוּנְד עֶר הָאט גֶעבּוֹירֶען זִיהְן אוּנְד טֶעכְטֶער׃ 16 אוּנְד עֵבֶר הָאט גֶעלֶעבְּט פִיעֶר אוּנְד דְרֵייסִיג יָאהְר, אוּנְד עֶר הָאט גֶעבּוֹירֶען פֶּלֶג׃ 17 אוּנְד עֵבֶר הָאט גֶעלֶעבְּט נָאכְדֶעם אַז עֶר הָאט גֶעבּוֹירֶען פֶּלֶג, פִיעֶר הוּנְדֶערְט אוּנְד דְרֵייסִיג יָאהְר, אוּנְד עֶר הָאט גֶעבּוֹירֶען זִיהְן אוּנְד טֶעכְטֶער׃ 18 אוּנְד פֶּלֶג הָאט גֶעלֶעבְּט דְרֵייסִיג יָאהְר, אוּנְד עֶר הָאט גֶעבּוֹירֶען רְעוּ׃ 19 אוּנְד פֶּלֶג הָאט גֶעלֶעבְּט נָאכְדֶעם אַז עֶר הָאט גֶעבּוֹירֶען רְעוּ, צְוֵוייא הוּנְדֶערְט אוּנְד נֵיין יָאהְר, אוּנְד עֶר הָאט גֶעבּוֹירֶען זִיהְן אוּנְד טֶעכְטֶער׃ 20 אוּנְד רְעוּ הָאט גֶעלֶעבְּט צְוֵוייא אוּנְד דְרֵייסִיג יָאהְר, אוּנְד עֶר הָאט גֶעבּוֹירֶען שְׂרוּג׃ 21 אוּנְד רְעוּ הָאט גֶעלֶעבְּט נָאכְדֶעם אַז עֶר הָאט גֶעבּוֹירֶען שְׂרוּג, צְוֵוייא הוּנְדֶערְט אוּנְד זִיבֶּען יָאהְר, אוּנְד עֶר הָאט גֶעבּוֹירֶען זִיהְן אוּנְד טֶעכְטֶער׃ 22 אוּנְד שְׂרוּג הָאט גֶעלֶעבְּט דְרֵייסִיג יָאהְר, אוּנְד עֶר הָאט גֶעבּוֹירֶען נָחוֹר׃ 23 אוּנְד שְׂרוּג הָאט גֶעלֶעבְּט נָאכְדֶעם אַז עֶר הָאט גֶעבּוֹירֶען נָחוֹר, צְוֵוייא הוּנְדֶערְט יָאהְר, אוּנְד עֶר הָאט גֶעבּוֹירֶען זִיהְן אוּנְד טֶעכְטֶער׃ 24 אוּנְד נָחוֹר הָאט גֶעלֶעבְּט נֵיין אוּנְד צְוַואנְצִיג יָאהְר, אוּנְד עֶר הָאט גֶעבּוֹירֶען תֶּרַח׃ 25 אוּנְד נָחוֹר הָאט גֶעלֶעבְּט נָאכְדֶעם אַז עֶר הָאט גֶעבּוֹירֶען תֶּרַח הוּנְדֶערְט אוּנְד נֵיינְצֶען

שָׁנָה וַיּוֹלֶד בָּנִים וּבָנוֹת׃ ס וַיְחִי־תֶרַח שִׁבְעִים שָׁנָה 26
וַיּוֹלֶד אֶת־אַבְרָם אֶת־נָחוֹר וְאֶת־הָרָן׃ וְאֵלֶּה תּוֹלְדֹת תֶּרַח 27
תֶּרַח הוֹלִיד אֶת־אַבְרָם אֶת־נָחוֹר וְאֶת־הָרָן וְהָרָן הוֹלִיד
אֶת־לוֹט׃ וַיָּמָת הָרָן עַל־פְּנֵי תֶּרַח אָבִיו בְּאֶרֶץ מוֹלַדְתּוֹ 28
בְּאוּר כַּשְׂדִּים׃ וַיִּקַּח אַבְרָם וְנָחוֹר לָהֶם נָשִׁים שֵׁם אֵשֶׁת־ 29
אַבְרָם שָׂרָי וְשֵׁם אֵשֶׁת־נָחוֹר מִלְכָּה בַּת־הָרָן אֲבִי־מִלְכָּה
וַאֲבִי יִסְכָּה׃ וַתְּהִי שָׂרַי עֲקָרָה אֵין לָהּ וָלָד׃ וַיִּקַּח תֶּרַח ל 31
אֶת־אַבְרָם בְּנוֹ וְאֶת־לוֹט בֶּן־הָרָן בֶּן־בְּנוֹ וְאֵת שָׂרַי כַּלָּתוֹ
אֵשֶׁת אַבְרָם בְּנוֹ וַיֵּצְאוּ אִתָּם מֵאוּר כַּשְׂדִּים לָלֶכֶת אַרְצָה
כְּנַעַן וַיָּבֹאוּ עַד־חָרָן וַיֵּשְׁבוּ שָׁם׃ וַיִּהְיוּ יְמֵי־תֶרַח חָמֵשׁ 32
שָׁנִים וּמָאתַיִם שָׁנָה וַיָּמָת תֶּרַח בְּחָרָן׃

יב

פ ג פ פ יב

וַיֹּאמֶר יְהוָה אֶל־אַבְרָם לֶךְ־לְךָ מֵאַרְצְךָ וּמִמּוֹלַדְתְּךָ וּמִבֵּית א
אָבִיךָ אֶל־הָאָרֶץ אֲשֶׁר אַרְאֶךָּ׃ וְאֶעֶשְׂךָ לְגוֹי גָּדוֹל וַאֲבָרֶכְךָ 2
וַאֲגַדְּלָה שְׁמֶךָ וֶהְיֵה בְּרָכָה׃ וַאֲבָרְכָה מְבָרְכֶיךָ וּמְקַלֶּלְךָ 3
אָאֹר וְנִבְרְכוּ בְךָ כֹּל מִשְׁפְּחֹת הָאֲדָמָה׃ וַיֵּלֶךְ אַבְרָם כַּאֲשֶׁר 4
דִּבֶּר אֵלָיו יְהוָה וַיֵּלֶךְ אִתּוֹ לוֹט וְאַבְרָם בֶּן־חָמֵשׁ שָׁנִים
וְשִׁבְעִים שָׁנָה בְּצֵאתוֹ מֵחָרָן׃ וַיִּקַּח אַבְרָם אֶת־שָׂרַי אִשְׁתּוֹ ה
וְאֶת־לוֹט בֶּן־אָחִיו וְאֶת־כָּל־רְכוּשָׁם אֲשֶׁר רָכָשׁוּ וְאֶת־
הַנֶּפֶשׁ אֲשֶׁר־עָשׂוּ בְחָרָן וַיֵּצְאוּ לָלֶכֶת אַרְצָה כְּנַעַן וַיָּבֹאוּ
אַרְצָה כְּנָעַן׃ וַיַּעֲבֹר אַבְרָם בָּאָרֶץ עַד מְקוֹם שְׁכֶם עַד 6
אֵלוֹן מוֹרֶה וְהַכְּנַעֲנִי אָז בָּאָרֶץ׃ וַיֵּרָא יְהוָה אֶל־אַבְרָם 7
וַיֹּאמֶר לְזַרְעֲךָ אֶתֵּן אֶת־הָאָרֶץ הַזֹּאת וַיִּבֶן שָׁם מִזְבֵּחַ לַיהוָה
הַנִּרְאֶה אֵלָיו׃ וַיַּעְתֵּק מִשָּׁם הָהָרָה מִקֶּדֶם לְבֵית־אֵל וַיֵּט 8
אָהֳלֹה בֵּית־אֵל מִיָּם וְהָעַי מִקֶּדֶם וַיִּבֶן־שָׁם מִזְבֵּחַ לַיהוָה
וַיִּקְרָא בְּשֵׁם יְהוָה׃ וַיִּסַּע אַבְרָם הָלוֹךְ וְנָסוֹעַ הַנֶּגְבָּה׃ פ 9

יאהר, אונד ער האט געבוירען זיהן אונד
טעכטער: 26 אונד תרח האט געלעבט
זיבעציג יאהר, אונד ער האט געבוירען
אברם, נחור אונד הרן: 27 אונד דיזע
זענען דיא דורות פון תרח, תרח האט
געבוירען אברם, נחור אונד הרן, אונד
הרן האט געבוירען לוט: 28 אונד הרן
איז געשטארבען פאר דעם אנגעזיכט
פון תרח זיין פאטער, אין דעם לאנד
פון זיינע געבורט, אין אור כשדים:
29 אונד אברם אונד נחור האבען זיך
גענומען ווייבער, דער נאמען פון אברם'ס
ווייב איז געוועזען שרי, אונד דער נאמען
פון נחור'ס ווייב איז געוועזען מלכה
דיא טאכטער פון הרן, דער פאטער פון
מלכה אונד דער פאטער פון יסכה:
30 אונד שרי איז געוועזען אונפרוכטבאר
(עקרה), זיא האט קיין קינד געהאט:
31 אונד תרח האט גענומען אברם זיין
זוהן אונד לוט דעם זוהן פון הרן, זיין
זוהנ'ס זוהן אונד שרי זיינע שנור, דאס
ווייב פון אברם זיין זוהן, אונד זייא
זענען ארויסגעגאנגען מיט איהם פון
אור כשדים, צו געהן צו דעם לאנד כנען,
אונד זייא זענען געקומען ביז חרן, אונד
זייא האבען זיך דארט בעזעצט: 32 אונד דיא טעג פון תרח זענען געוועזען
צוויא הונדערט אונד פינעף יאהר, אונד תרח איז געשטארבען אין חרן:

## קאפיטעל יב

### לך לך

1 אונד גאט האט געזאגט צו אברם, גייא דיר אוועק פון דיין לאנד אונד פון דיין
געבורט, אונד פון דיין פאטערס הויז, צו דעם לאנד וואס איך וועל דיר ווייזען:
2 אונד איך וועל דיך מאכען צו א גרויס פאלק, אונד איך וועל דיך בענשען, אונד
איך וועל גרויס מאכען דיין נאמען, אונד דוא זאלסט זיין א ברכה: 3 אונד איך
וועל בענשען דיא וואס דיך בענשען, אונד דיא וואס דיך שעלטען וועל איך שעלטען,
אונד אלע געשלעכטער פון דער ערד וועלען זיך אין דיר בענשען: 4 אונד אברם
איז געגאנגען אזוי וויא גאט האט צו איהם גערעדט, אונד לוט איז מיט
איהם געגאנגען, אונד אברם איז אלט געוועזען פינף אונד זיבעציג יאהר ווען ער איז
ארויסגעגאנגען פון חרן: 5 אונד אברם האט גענומען שרי זיין ווייב, אונד לוט זיין
ברודער'ס זוהן, אונד זייער גאנץ פארמעגען וואס זייא האבען געוואונען, אונד דיא
זעלען וואס זייא האבען ערווארבען אין חרן, אונד זייא זענען ארויסגעגאנגען צו גיין
צום לאנד כנען, אונד זייא זענען אנגעקומען אים לאנד כנען: 6 אונד אברם איז
דורכגעפארען אין דעם לאנד ביז צו דעם ארט שכם, ביז צו דעם פלוין פון מורה,
אונד דער כנעני איז דעמאלט געוועזען אין דעם לאנד: 7 אונד גאט האט זיך
בעוויזען צו אברם, אונד האט געזאגט, צו דיין זאמען וועל איך געבען דיזעס לאנד,
אונד ער האט דארט געבויעט א מזבח צו גאט וואס האט זיך צו איהם בעוויזען:
8 אונד ער האט אוועקגעצויגען פון דארטען צו דעם בארג פון דער מזרח־זייט צו
בית־אל, אונד ער האט אויפגעשטעלט זיין געצעלט, בית־אל איז געוועזען פון דער
מערב־זייט אונד עי פון דער מזרח־זייט, אונד ער האט דארט געבויעט א מזבח צו
גאט, אונד ער האט אנגערופען דעם נאמען פון גאט: 9 אונד אברם האט ווייטער
געצויגען, אונד איז געגאנגען קיין דרום־זייט:

י וַיְהִי רָעָב בָּאָרֶץ וַיֵּרֶד אַבְרָם מִצְרַיְמָה לָגוּר שָׁם כִּי־כָבֵד
11 הָרָעָב בָּאָרֶץ׃ וַיְהִי כַּאֲשֶׁר הִקְרִיב לָבוֹא מִצְרָיְמָה וַיֹּאמֶר
אֶל־שָׂרַי אִשְׁתּוֹ הִנֵּה־נָא יָדַעְתִּי כִּי אִשָּׁה יְפַת־מַרְאֶה אָתְּ׃
12 וְהָיָה כִּי־יִרְאוּ אֹתָךְ הַמִּצְרִים וְאָמְרוּ אִשְׁתּוֹ זֹאת וְהָרְגוּ
13 אֹתִי וְאֹתָךְ יְחַיּוּ׃ אִמְרִי־נָא אֲחֹתִי אָתְּ לְמַעַן יִיטַב־לִי
14 בַעֲבוּרֵךְ וְחָיְתָה נַפְשִׁי בִּגְלָלֵךְ׃ וַיְהִי כְּבוֹא אַבְרָם מִצְרָיְמָה
טו וַיִּרְאוּ הַמִּצְרִים אֶת־הָאִשָּׁה כִּי־יָפָה הִוא מְאֹד׃ וַיִּרְאוּ
אֹתָהּ שָׂרֵי פַרְעֹה וַיְהַלְלוּ אֹתָהּ אֶל־פַּרְעֹה וַתֻּקַּח הָאִשָּׁה
16 בֵּית פַּרְעֹה׃ וּלְאַבְרָם הֵיטִיב בַּעֲבוּרָהּ וַיְהִי־לוֹ צֹאן־וּבָקָר
17 וַחֲמֹרִים וַעֲבָדִים וּשְׁפָחֹת וַאֲתֹנֹת וּגְמַלִּים׃ וַיְנַגַּע יְהוָה ׀
אֶת־פַּרְעֹה נְגָעִים גְּדֹלִים וְאֶת־בֵּיתוֹ עַל־דְּבַר שָׂרַי אֵשֶׁת
18 אַבְרָם׃ וַיִּקְרָא פַרְעֹה לְאַבְרָם וַיֹּאמֶר מַה־זֹּאת עָשִׂיתָ לִּי
19 לָמָּה לֹא־הִגַּדְתָּ לִּי כִּי אִשְׁתְּךָ הִוא׃ לָמָה אָמַרְתָּ אֲחֹתִי
הִוא וָאֶקַּח אֹתָהּ לִי לְאִשָּׁה וְעַתָּה הִנֵּה אִשְׁתְּךָ קַח וָלֵךְ׃
כ וַיְצַו עָלָיו פַּרְעֹה אֲנָשִׁים וַיְשַׁלְּחוּ אֹתוֹ וְאֶת־אִשְׁתּוֹ וְאֶת־
כָּל־אֲשֶׁר־לוֹ׃

יג

א וַיַּעַל אַבְרָם מִמִּצְרַיִם הוּא וְאִשְׁתּוֹ וְכָל־אֲשֶׁר־לוֹ וְלוֹט עִמּוֹ
2 3 הַנֶּגְבָּה׃ וְאַבְרָם כָּבֵד מְאֹד בַּמִּקְנֶה בַּכֶּסֶף וּבַזָּהָב׃ וַיֵּלֶךְ
לְמַסָּעָיו מִנֶּגֶב וְעַד־בֵּית־אֵל עַד־הַמָּקוֹם אֲשֶׁר־הָיָה שָׁם
4 אָהֳלֹה בַּתְּחִלָּה בֵּין בֵּית־אֵל וּבֵין הָעָי׃ אֶל־מְקוֹם הַמִּזְבֵּחַ
אֲשֶׁר־עָשָׂה שָׁם בָּרִאשֹׁנָה וַיִּקְרָא שָׁם אַבְרָם בְּשֵׁם יְהוָה׃
ה וְגַם־לְלוֹט הַהֹלֵךְ אֶת־אַבְרָם הָיָה צֹאן־וּבָקָר וְאֹהָלִים׃
6 וְלֹא־נָשָׂא אֹתָם הָאָרֶץ לָשֶׁבֶת יַחְדָּו כִּי־הָיָה רְכוּשָׁם רָב
7 וְלֹא יָכְלוּ לָשֶׁבֶת יַחְדָּו׃ וַיְהִי־רִיב בֵּין רֹעֵי מִקְנֵה־אַבְרָם
וּבֵין רֹעֵי מִקְנֵה־לוֹט וְהַכְּנַעֲנִי וְהַפְּרִזִּי אָז יֹשֵׁב בָּאָרֶץ׃
8 וַיֹּאמֶר אַבְרָם אֶל־לוֹט אַל־נָא תְהִי מְרִיבָה בֵּינִי וּבֵינֶךָ וּבֵין
9 רֹעַי וּבֵין רֹעֶיךָ כִּי־אֲנָשִׁים אַחִים אֲנָחְנוּ׃ הֲלֹא כָל־הָאָרֶץ

10 אונד עס איז געוועזען אַ הונגער אין דעם לאַנד, אונד אַבְרָם איז אַראָפּגעגאַנגען קיין מִצְרַיִם דאָרטען צו וואוינען, וואָרין דער הונגער איז געוועזען שווער אין דעם לאַנד: 11 אונד עס איז געוועזען ווען ער האָט געגעהנט צו קומען קיין מִצְרַיִם, אַזוי האָט ער געזאָגט צו שָׂרַי זיין ווייב, זעה נון, איך ווייס אַז דו ביסט אַ פרוי פון שֶׁהנעם געשטאַלט: 12 אונד עס וועט זיין ווען דיא מִצְרִים וועלען דיך זעהען, אַזוי וועלען זייא זאָגען, דיזע איז זיין ווייב, אונד זייא וועלען מיך הַרְגְ'נען אונד דיך וועלען זייא לאָזען לעבען: 13 זאָג, דאָך, אַז דו ביסט מיינע שוועסטער, כְּדֵי עס זאָל מיר גוט זיין פון דיינעט וועגען, אונד אַז איך זאָל לעבען בלייבען פון דיינעט וועגען: 14 אונד עס איז געוועזען ווען אַבְרָם איז געקומען קיין מִצְרַיִם, אַזוי האָבען דיא מִצְרִים געזעהען דיא פרויא דאָס זיא איז זעהר שעהן: 15 אונד דיא פירשטען פון פַּרְעֹה האָבען זיא געזעהען, אונד זייא האָבען זיא געלויבט צו פַּרְעֹה, אונד דיא פרויא איז גענומען געוואָרען אין דעם הויז פון פַּרְעֹה: 16 אונד צו אַבְרָם האָט ער גוטעס געטהון פון איהרעט וועגען, אונד עס איז צו איהם געוועזען שאָף, אונד רינדער, אונד אייזעל, אונד קנעכט, אונד דינסט מיידען, אונד אייזעלינען, אונד קעמעל: 17 אונד גאָט האָט געפּלאָגט פַּרְעֹה אונד זיין הויזגעזינד מיט גרויסע פּלאָגען, וועגען שָׂרַי דאָס ווייב פון אַבְרָם: 18 אונד פַּרְעֹה האָט גערופען אַבְרָם, אונד ער האָט געזאָגט, וואָס איז דאָס וואָס דו האָסט צו מיר געטהון? פאַר וואָס האָסט דו מיר ניט געזאָגט אַז זיא איז דיין ווייב? 19 פאַר וואָס האָסט דו געזאָגט, זיא איז מיינע שוועסטער? אונד איך האָב זיא גענומען צו מיר אַלס ווייב, אונד איצט, זיא איז דיין ווייב, נעם זיא אונד געה: 20 אונד פַּרְעֹה האָט בעפוילען פון זיינעט וועגען לייט, אונד זייא האָבען איהם אַוועקגעשיקט, אונד זיין ווייב אונד אַלעס וואָס ער האָט געהאַט:

קאפיטעל יג

1 אונד אַבְרָם איז אַרויפגעגאַנגען פון מִצְרַיִם, ער אונד זיין ווייב, אונד אַלעס וואָס ער האָט געהאַט, אונד לוט מיט איהם, קיין דָרום־זייט: 2 אונד אַבְרָם איז זעהר רייך געוועזען, אין פיך, אין זילבער אונד אין גאָלד: 3 אונד ער איז געגאַנגען אין זיינע ציהונגען, פון דער דָרום־זייט ביז קיין בֵּית־אֵל, ביז צו דעם אָרט וואו ער האָט זיין געצעלט צום ערשטען געהאַט, צווישען בֵּית־אֵל אונד צווישען עַי: 4 צו דעם אָרט פון דעם מִזְבֵּחַ וואָס ער האָט דאָרט צום ערשטען געמאַכט, אונד אַבְרָם האָט דאָרט אָנגערופען דעם נאָמען פון גאָט: 5 אונד אויך צו לוט, וואָס איז מיטגעגאַנגען מיט אַבְרָם, איז געוועזען שאָף אונד רינדער אונד געצעלטען: 6 אונד דאָס לאַנד האָט זייא ניט געקאָנט דערטראָגען דאָס זייא זאָלען אין איינעם וואוינען, וואָרין זייער פאַרמעגען איז געוועזען גרויס, אונד זייא האָבען ניט געקענט אין איינעם וואוינען: 7 אונד עס איז געוועזען קריג צווישען דיא פאַסטוכער פון דעם פיך פון אַבְרָם, אונד צווישען דיא פאַסטוכער פון דעם פיך פון לוט, אונד דער כְּנַעֲנִי, אונד דער פְּרִזִּי האָט דענסמאָל געוואוינט אין דעם לאַנד: 8 אונד אַבְרָם האָט געזאָגט צו לוט, לאָז דאָך, קיין קריג זיין צווישען מיר אונד צווישען דיר, אונד צווישען מיינע פאַסטוכער אונד צווישען דיינע פאַסטוכער, וואָרין מיר זענען ברידער: 9 איז ניט דאָס גאַנצע לאַנד

פאר

לפניך הפרד נא מעלי אם־השמאל ואימנה ואם־הימין
ואשמאילה: וישא־לוט את־עיניו וירא את־כל־ככר הירדן
כי כלה משקה לפני ׀ שחת יהוה את־סדם ואת־עמרה
כגן־יהוה כארץ מצרים באכה צער: ויבחר־לו לוט את 11
כל־ככר הירדן ויסע לוט מקדם ויפרדו איש מעל אחיו:
אברם ישב בארץ־כנען ולוט ישב בערי הככר ויאהל 12
עד־סדם: ואנשי סדם רעים וחטאים ליהוה מאד: ויהוה 13 14
אמר אל־אברם אחרי הפרד־לוט מעמו שא נא עיניך
וראה מן־המקום אשר־אתה שם צפנה ונגבה וקדמה
וימה: כי את־כל־הארץ אשר־אתה ראה לך אתננה טו
ולזרעך עד־עולם: ושמתי את־זרעך כעפר הארץ אשר ׀ 16
אם־יוכל איש למנות את־עפר הארץ גם זרעך ימנה:
קום התהלך בארץ לארכה ולרחבה כי לך אתננה: 17
ויאהל אברם ויבא וישב באלני ממרא אשר בחברון 18
ויבן־שם מזבח ליהוה: פ

יד יד

ויהי בימי אמרפל מלך־שנער אריוך מלך אלסר א
כדרלעמר מלך עילם ותדעל מלך גוים: עשו מלחמה 2
את־ברע מלך סדם ואת־ברשע מלך עמרה שנאב ׀ מלך
אדמה ושמאבר מלך צביים ומלך בלע היא־צער: כל־ 3
אלה חברו אל־עמק השדים הוא ים המלח: שתים 4
עשרה שנה עבדו את־כדרלעמר ושלש־עשרה שנה
מרדו: ובארבע עשרה שנה בא כדרלעמר והמלכים ה
אשר אתו ויכו את־רפאים בעשתרת קרנים ואת־הזוזים
בהם ואת האימים בשוה קריתים: ואת־החרי בהררם 6
שעיר עד איל פארן אשר על־המדבר: וישבו ויבאו 7
אל־עין משפט הוא קדש ויכו את־כל־שדה העמלקי וגם

פאַר דיר? שייד דיך נון פון מיר, ווען דו וועסט געהן אַן דער לינקער זייט, וועל איך געהן אַן דער רעכטער זייט, אונד ווען דו וועסט געהן אַן דער רעכטער זייט, אַזוי וועל איך געהן אַן דער לינקער זייט: 10 אונד לוט האָט אויפגעהויבען זיינע אויגען, אונד ער האָט געזעהען דיא גאַנצע געגענד (קרייז) פון דעם ירדן דאָס עס איז אים גאַנצען בעוואַסערט, אייבער גאָט האָט פערדאָרבען סדם אונד עמרה, אַזוי וויא דער גאָרטען פון גאָט, אַזוי וויא דאָס לאַנד מצרים, וואו דו קומסט קיין צער: 11 אונד לוט האָט זיך אויסגעוויילט דיא גאַנצע געגענד פון דעם ירדן, אונד לוט האָט אַוועקגעצויגען פון דער מזרח־זייט, אונד זייא האָבען זיך אָפּגעשייד איינער פון דעם אַנדערען: 12 אַברם האָט זיך בעזעצט אין דעם לאַנד כנען, אונד לוט האָט זיך בעזעצט אין דיא שטעט פון דעם קרייז, אונד ער האָט אויפגעשטעלט געצעלטען ביז קיין סדם: 13 אונד דיא לייט פון סדם זענען געוועזען שלעכט אונד האָבען זעהר געזינדיגט קעגען גאָט: 14 אונד גאָט האָט געזאָגט צו אַברם, נאָכדעם ווען לוט האָט זיך אָפּגעשייד פון איהם, הייב נון אויף דיינע אויגען, אונד זעה פון דעם אָרט וואו דו ביסט, קיין צפון, אונד קיין דרום, אונד קיין מזרח, אונד קיין מערב: 15 וואָרין דאָס גאַנצע לאַנד וואָס דו זעהסט צו דיר וועל איך עס געבען, אונד צו דיין זאָמען ביז אין אייביגקייט: 16 אונד איך וועל מאַכען דיין זאָמען אַזוי וויא דעם שטויב פון דער ערד, אַז ווען אַ מאַן וועט קענען ציילען דעם שטויב פון דער ערד, אַזוי זאָל דיין זאָמען אויך געציילט ווערען: 17 שטעה אויף, אונד געה דורך דאָס לאַנד נאָך זיינע לענג, אונד נאָך זיינע ברייט, וואָרין צו דיר וועל איך עס געבען: 18 אונד אַברם האָט זיין געצעלט אויפגעשטעלט, אונד ער איז געקומען אונד ער האָט זיך בעזעצט צווישען דיא טענען ביימער פון ממרא, וואָס איז אין חברון אונד ער האָט דאָרט געבויעט אַ מזבח צו גאָט:

## קאפיטעל יד

1 אונד עס איז געוועזען אין דיא טעג פון אַמרפל קעניג פון שנער, אַריוך קעניג פון אלסר, כדרלעמר קעניג פון עילם, אונד תדעל קעניג פון דיא פעלקער: 2 זייא האָבען קריג געמאַכט מיט ברע קעניג פון סדם, אונד מיט ברשע קעניג פון עמרה, שנאב קעניג פון אַדמה, אונד שמאבר קעניג פון צבוים, אונד דער קעניג פון בלע, דאָס איז צער: 3 אַלע דיזע האָבען זיך פעראייניגט אין דעם טאָהל פון שדים, דאָס איז דאָס געזאַלצענע ים: 4 צוועלף יאָהר האָבען זייא געדינט דעם כדרלעמר, אונד אין דעם דרייצענטען יאָהר האָבען זייא ווידערגעשפעניגט: 5 אונד אין דעם פירצענטען יאָהר איז כדרלעמר געקומען, אונד דיא קעניגע וועלכע זענען מיט איהם געוועזען, אונד זייא האָבען געשלאָגען דיא רפאים אין עשתרות קרנים, אונד דיא זוזים אין הם, אונד דיא אימים אין שוה קריתים: 6 אונד דעם חורי אין זיירע בערג פון שעיר, ביז צו דעם פלוין פארן, וואָס איז אין דער מדבר: 7 אונד זייא האָבען צוריק געקערט אונד זייא זענען געקומען קיין עין משפט, דאָס איז קדש, אונד זייא האָבען געשלאָגען דאָס גאַנצע פעלד פון דעם עמלק, אונד אויך

דעם

8 אֶת־הָאֱמֹרִי הַיֹּשֵׁב בְּחַצְצֹן תָּמָר׃ וַיֵּצֵא מֶלֶךְ־סְדֹם וּמֶלֶךְ
עֲמֹרָה וּמֶלֶךְ אַדְמָה וּמֶלֶךְ צְבֹיִים וּמֶלֶךְ בֶּלַע הִוא־צֹעַר
9 וַיַּעַרְכוּ אִתָּם מִלְחָמָה בְּעֵמֶק הַשִּׂדִּים׃ אֵת כְּדָרְלָעֹמֶר
מֶלֶךְ עֵילָם וְתִדְעָל מֶלֶךְ גּוֹיִם וְאַמְרָפֶל מֶלֶךְ שִׁנְעָר וְאַרְיוֹךְ
י מֶלֶךְ אֶלָּסָר אַרְבָּעָה מְלָכִים אֶת־הַחֲמִשָּׁה׃ וְעֵמֶק הַשִּׂדִּים
בֶּאֱרֹת בֶּאֱרֹת חֵמָר וַיָּנֻסוּ מֶלֶךְ־סְדֹם וַעֲמֹרָה וַיִּפְּלוּ־שָׁמָּה
11 וְהַנִּשְׁאָרִים הֶרָה נָּסוּ׃ וַיִּקְחוּ אֶת־כָּל־רְכֻשׁ סְדֹם וַעֲמֹרָה
12 וְאֶת־כָּל־אָכְלָם וַיֵּלֵכוּ׃ וַיִּקְחוּ אֶת־לוֹט וְאֶת־רְכֻשׁוֹ בֶּן־אֲחִי
13 אַבְרָם וַיֵּלֵכוּ וְהוּא יֹשֵׁב בִּסְדֹם׃ וַיָּבֹא הַפָּלִיט וַיַּגֵּד
לְאַבְרָם הָעִבְרִי וְהוּא שֹׁכֵן בְּאֵלֹנֵי מַמְרֵא הָאֱמֹרִי אֲחִי
14 אֶשְׁכֹּל וַאֲחִי עָנֵר וְהֵם בַּעֲלֵי בְרִית־אַבְרָם׃ וַיִּשְׁמַע אַבְרָם
כִּי נִשְׁבָּה אָחִיו וַיָּרֶק אֶת־חֲנִיכָיו יְלִידֵי בֵיתוֹ שְׁמֹנָה עָשָׂר
טו וּשְׁלֹשׁ מֵאוֹת וַיִּרְדֹּף עַד־דָּן׃ וַיֵּחָלֵק עֲלֵיהֶם ׀ לַיְלָה הוּא
וַעֲבָדָיו וַיַּכֵּם וַיִּרְדְּפֵם עַד־חוֹבָה אֲשֶׁר מִשְּׂמֹאל לְדַמָּשֶׂק׃
16 וַיָּשֶׁב אֵת כָּל־הָרְכֻשׁ וְגַם אֶת־לוֹט אָחִיו וּרְכֻשׁוֹ הֵשִׁיב
17 וְגַם אֶת־הַנָּשִׁים וְאֶת־הָעָם׃ וַיֵּצֵא מֶלֶךְ־סְדֹם לִקְרָאתוֹ
אַחֲרֵי שׁוּבוֹ מֵהַכּוֹת אֶת־כְּדָרְלָעֹמֶר וְאֶת־הַמְּלָכִים אֲשֶׁר
18 אִתּוֹ אֶל־עֵמֶק שָׁוֵה הוּא עֵמֶק הַמֶּלֶךְ׃ וּמַלְכִּי־צֶדֶק מֶלֶךְ
19 שָׁלֵם הוֹצִיא לֶחֶם וָיָיִן וְהוּא כֹהֵן לְאֵל עֶלְיוֹן׃ וַיְבָרְכֵהוּ
כ וַיֹּאמַר בָּרוּךְ אַבְרָם לְאֵל עֶלְיוֹן קֹנֵה שָׁמַיִם וָאָרֶץ׃ וּבָרוּךְ
אֵל עֶלְיוֹן אֲשֶׁר־מִגֵּן צָרֶיךָ בְּיָדֶךָ וַיִּתֶּן־לוֹ מַעֲשֵׂר מִכֹּל׃
21 וַיֹּאמֶר מֶלֶךְ־סְדֹם אֶל־אַבְרָם תֶּן־לִי הַנֶּפֶשׁ וְהָרְכֻשׁ קַח־לָךְ׃
22 וַיֹּאמֶר אַבְרָם אֶל־מֶלֶךְ סְדֹם הֲרִמֹתִי יָדִי אֶל־יְהוָה אֵל
23 עֶלְיוֹן קֹנֵה שָׁמַיִם וָאָרֶץ׃ אִם־מִחוּט וְעַד שְׂרוֹךְ־נַעַל וְאִם־
אֶקַּח מִכָּל־אֲשֶׁר־לָךְ וְלֹא תֹאמַר אֲנִי הֶעֱשַׁרְתִּי אֶת־אַבְרָם׃
24 בִּלְעָדַי רַק אֲשֶׁר אָכְלוּ הַנְּעָרִים וְחֵלֶק הָאֲנָשִׁים אֲשֶׁר הָלְכוּ
אִתִּי עָנֵר אֶשְׁכֹּל וּמַמְרֵא הֵם יִקְחוּ חֶלְקָם׃ ס

דֶעם אֶמֹרִי וָואס הָאט גֶעווֹאוֹינְט אִין חַצְצֹן תָּמָר׃ 8 אוּנְד דֶער קֶענִיג פוּן סְדֹם אוּנְד דֶער קֶענִיג פוּן עֲמֹרָה אִיז אַרוֹיסגֶעגַאנְגֶען, אוּנְד דֶער קֶענִיג פוּן אַדְמָה, אוּנְד דֶער קֶענִיג פוּן צְבוֹיִם, אוּנְד דֶער קֶענִיג פוּן בֶּלַע, דָאס אִיז צֹעַר. אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אָנְגֶערִיכְטֶעט מִיט זֵייא אַ מִלְחָמָה אִין דֶעם טָאהְל פוּן שִׂדִּים׃ 9 מִיט כְּדָרְלָעֹמֶר קֶענִיג פוּן עֵילָם, אוּנְד תִּדְעָל קֶענִיג פוּן דִיא פֶעלְקֶער, אוּנְד אַמְרָפֶל קֶענִיג פוּן שִׁנְעָר, אוּנְד אַרְיוֹךְ קֶענִיג פוּן אֶלָּסָר, פִיעֶר קֶענִיגֶע קֶעגֶען פִינְף׃ 10 אוּנְד דָאס טָאהְל פוּן שִׂדִּים אִיז גֶעוֶועזֶען פוּל מִיט לֶעהְם גְרִיבֶּער אוּנְד דִיא קֶענִיגֶע פוּן סְדֹם אוּנְד עֲמֹרָה, זֶענֶען אַנְטְלָאפֶען, אוּנְד זֵייא זֶענֶען דָארְט אַרֵיינְגֶעפַאלֶען, אוּנְד דִיא אִיבֶּערִיגֶע זֶענֶען קֶעגֶען דִיא גֶעבֶּערְג אַנְטְלָאפֶען׃ 11 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶענוּמֶען דָאס גַאנְצֶע פַארְמֶעגֶען פוּן סְדֹם אוּנְד פוּן עֲמֹרָה, אוּנְד אַלֶע זֵיירֶע שְׁפֵּייז, אוּנְד זֵייא זֶענֶען אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען׃ 12 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶענוּמֶען לוֹט דֶעם זוּהְן פוּן אַבְרָם׳ס בְּרוּדֶער, אוּנְד זֵיין פַארְמֶעגֶען, אוּנְד זֵייא זֶענֶען אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען, אוּנְד עֶר הָאט גֶעווֹאוֹינְט אִין סְדֹם׃ 13 אוּנְד עֶס אִיז גֶעקוּמֶען אֵיין אַנְטְרוּנֶעֶר, אוּנְד עֶר הָאט עֶס אָנְגֶעזָאגְט צוּ אַבְרָם דֶעם עִבְרִי, אוּנְד עֶר הָאט גֶעווֹאוֹינְט צְווִישֶׁען דִיא טֶענֶען בֵּיימֶער פוּן מַמְרֵא, דֶער אֱמֹרִי, בְּרוּדֶער פוּן אֶשְׁכֹּל, אוּנְד בְּרוּדֶער פוּן עָנֵר, אוּנְד זֵייא זֶענֶען גֶעוֶועזֶען בּוּנְדֶעס־לֵייט פוּן אַבְרָם׃ 14 אוּנְד וֶוען אַבְרָם הָאט גֶעהֶערְט אַז זֵיין בְּרוּדֶער אִיז גֶעפַאנְגֶען גֶעוָוארֶען, אַזוֹי הָאט עֶר גֶעוַואפֶּענְט זֵיינֶע אוֹיפְגֶעצוֹיגֶענֶע, דִיא וָואס זֶענֶען גֶעבּוֹירֶען גֶעוָוארֶען אִין זֵיין הוֹיז, דְרֵייא הוּנְדֶערְט אוּנְד אַכְצֶעהְן, אוּנְד עֶר הָאט זֵייא נָאכְגֶעיָאגְט בִּיז דָן׃ 15 אוּנְד עֶר אוּנְד זֵיינֶע קְנֶעכְט הָאבֶּען זִיךְ אֵיינְגֶעטֵיילְט קֶעגֶען זֵייא אִין דֶער נַאכְט, אוּנְד עֶר הָאט זֵייא גֶעשְׁלָאגֶען, אוּנְד עֶר הָאט זֵייא נָאכְגֶעיָאגְט בִּיז חוֹבָה, וָואס אִיז אַן דֶער לִינְקֶער זֵייט פוּן דַמָּשֶׂק׃ 16 אוּנְד עֶר הָאט צוּרִיק גֶעבְּרַאכְט דָאס גַאנְצֶע פַארְמֶעגֶען, אוּנְד אוֹיךְ לוֹט זֵיין בְּרוּדֶער, אוּנְד זֵיין פַארְמֶעגֶען הָאט עֶר צוּרִיק גֶעבְּרַאכְט, אוּנְד אוֹיךְ דִיא וֵוייבֶּער אוּנְד דָאס פָאלְק׃ 17 אוּנְד דֶער קֶענִיג פוּן סְדֹם אִיז קֶעגֶען אִיהְם אַרוֹיסגֶעגַאנְגֶען, נָאךְ זֵיין צוּרִיק קֶערֶען פוּן צוּ שְׁלָאגֶען כְּדָרְלָעֹמֶר, אוּנְד דִיא קֶענִיגֶע וָואס זֶענֶען גֶעוֶועזֶען מִיט אִיהְם, אִין דֶעם טָאהְל שָׁוֵה, דָאס אִיז דָאס טָאהְל פוּן דֶעם קֶענִיג׃ 18 אוּנְד מַלְכִּי צֶדֶק, דֶער קֶענִיג פוּן שָׁלֵם, הָאט אַרוֹיסגֶעבְּרַאכְט בְּרוֹיט אוּנְד וֵויין, אוּנְד עֶר אִיז גֶעוֶועזֶען אַ כֹּהֵן צוּ דֶעם אוֹיבֶּערְשְׁטֶען גָאט׃ 19 אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם גֶעבֶּענְשְׁט, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, גֶעבֶּענְשְׁט זָאל זֵיין אַבְרָם פוּן דֶעם אוֹיבֶּערְשְׁטֶען גָאט, וָואס הָאט בֶּעשַׁאפֶען הִימֶעל אוּנְד עֶרְד׃ 20 אוּנְד גֶעלוֹיבְּט אִיז דֶער אוֹיבֶּערְשְׁטֶער גָאט, וָואס הָאט אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען דֵיינֶע פֵיינְד אִין דֵיינֶע הֶענְד, אוּנְד עֶר הָאט צוּ אִיהְם גֶעגֶעבֶּען דֶעם צֶעהְנְטֶען טֵייל (מַעֲשֵׂר) פוּן אַלֶעם׃ 21 אוּנְד דֶער קֶענִיג פוּן סְדֹם הָאט גֶעזָאגְט צוּ אַבְרָם, גִיבּ מִיר דִיא נְפָשׁוֹת אוּנְד דָאס פַארְמֶעגֶען נֶעם דִיר׃ 22 אוּנְד אַבְרָם הָאט גֶעזָאגְט צוּ דֶעם קֶענִיג פוּן סְדֹם, אִיךְ הָאבּ אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען מֵיינֶע הַאנְד צוּ דֶעם הַאר, דֶעם אוֹיבֶּערְשְׁטֶען גָאט, וָואס הָאט בֶּעשַׁאפֶען הִימֶעל אוּנְד עֶרְד׃ 23 אוֹיבּ פוּן אַ פָאדִים בִּיז צוּ אַ שִׁיךְ־רִימֶען, אוּנְד אוֹיבּ אִיךְ וֶועל נֶעמֶען פוּן אַלֶעם וָואס אִיז דֵיין, כְּדֵי דוּא זָאלְסְט נִיט זָאגֶען, אִיךְ הָאבּ אַבְרָם׳ן רֵייךְ גֶעמַאכְט׃ 24 נוּר חוּץ דֶעם, וָואס דִיא יוּנְגֶען הָאבֶּען גֶעגֶעסֶען, אוּנְד דָאס טֵייל פוּן דִיא לֵייט וָואס זֶענֶען גֶעגַאנְגֶען מִיט מִיר, עָנֵר, אֶשְׁכּוֹל, אוּנְד מַמְרֵא, זֵייא זָאלֶען זֵייעֶר טֵייל נֶעמֶען׃

נאךְ

טו

אַחַר ׀ הַדְּבָרִים הָאֵלֶּה הָיָה דְבַר־יְהוָה אֶל־אַבְרָם בַּמַּחֲזֶה א
לֵאמֹר אַל־תִּירָא אַבְרָם אָנֹכִי מָגֵן לָךְ שְׂכָרְךָ הַרְבֵּה
מְאֹד׃ וַיֹּאמֶר אַבְרָם אֲדֹנָי יֱהוִה מַה־תִּתֶּן־לִי וְאָנֹכִי 2
הוֹלֵךְ עֲרִירִי וּבֶן־מֶשֶׁק בֵּיתִי הוּא דַּמֶּשֶׂק אֱלִיעֶזֶר׃ וַיֹּאמֶר 3
אַבְרָם הֵן לִי לֹא נָתַתָּה זָרַע וְהִנֵּה בֶן־בֵּיתִי יוֹרֵשׁ אֹתִי׃
וְהִנֵּה דְבַר־יְהוָה אֵלָיו לֵאמֹר לֹא יִירָשְׁךָ זֶה כִּי־אִם אֲשֶׁר 4
יֵצֵא מִמֵּעֶיךָ הוּא יִירָשֶׁךָ׃ וַיּוֹצֵא אֹתוֹ הַחוּצָה וַיֹּאמֶר ה
הַבֶּט־נָא הַשָּׁמַיְמָה וּסְפֹר הַכּוֹכָבִים אִם־תּוּכַל לִסְפֹּר
אֹתָם וַיֹּאמֶר לוֹ כֹּה יִהְיֶה זַרְעֶךָ׃ וְהֶאֱמִן בַּיהוָה וַיַּחְשְׁבֶהָ 6
לּוֹ צְדָקָה׃ וַיֹּאמֶר אֵלָיו אֲנִי יְהוָה אֲשֶׁר הוֹצֵאתִיךָ מֵאוּר 7
כַּשְׂדִּים לָתֶת לְךָ אֶת־הָאָרֶץ הַזֹּאת לְרִשְׁתָּהּ׃ וַיֹּאמַר 8
אֲדֹנָי יֱהוִה בַּמָּה אֵדַע כִּי אִירָשֶׁנָּה׃ וַיֹּאמֶר אֵלָיו קְחָה 9
לִי עֶגְלָה מְשֻׁלֶּשֶׁת וְעֵז מְשֻׁלֶּשֶׁת וְאַיִל מְשֻׁלָּשׁ וְתֹר וְגוֹזָל׃
וַיִּקַּח־לוֹ אֶת־כָּל־אֵלֶּה וַיְבַתֵּר אֹתָם בַּתָּוֶךְ וַיִּתֵּן אִישׁ־בִּתְרוֹ י
לִקְרַאת רֵעֵהוּ וְאֶת־הַצִּפֹּר לֹא בָתָר׃ וַיֵּרֶד הָעַיִט עַל־ 11
הַפְּגָרִים וַיַּשֵּׁב אֹתָם אַבְרָם׃ וַיְהִי הַשֶּׁמֶשׁ לָבוֹא וְתַרְדֵּמָה 12
נָפְלָה עַל־אַבְרָם וְהִנֵּה אֵימָה חֲשֵׁכָה גְדֹלָה נֹפֶלֶת עָלָיו׃
וַיֹּאמֶר לְאַבְרָם יָדֹעַ תֵּדַע כִּי־גֵר ׀ יִהְיֶה זַרְעֲךָ בְּאֶרֶץ לֹא 13
לָהֶם וַעֲבָדוּם וְעִנּוּ אֹתָם אַרְבַּע מֵאוֹת שָׁנָה׃ וְגַם אֶת־ 14
הַגּוֹי אֲשֶׁר יַעֲבֹדוּ דָּן אָנֹכִי וְאַחֲרֵי־כֵן יֵצְאוּ בִּרְכֻשׁ גָּדוֹל׃
וְאַתָּה תָּבוֹא אֶל־אֲבֹתֶיךָ בְּשָׁלוֹם תִּקָּבֵר בְּשֵׂיבָה טוֹבָה׃ טו
וְדוֹר רְבִיעִי יָשׁוּבוּ הֵנָּה כִּי לֹא־שָׁלֵם עֲוֺן הָאֱמֹרִי עַד־ 16
הֵנָּה׃ וַיְהִי הַשֶּׁמֶשׁ בָּאָה וַעֲלָטָה הָיָה וְהִנֵּה תַנּוּר עָשָׁן 17
וְלַפִּיד אֵשׁ אֲשֶׁר עָבַר בֵּין הַגְּזָרִים הָאֵלֶּה׃ בַּיּוֹם הַהוּא 18
כָּרַת יְהוָה אֶת־אַבְרָם בְּרִית לֵאמֹר לְזַרְעֲךָ נָתַתִּי אֶת־
הָאָרֶץ הַזֹּאת מִנְּהַר מִצְרַיִם עַד־הַנָּהָר הַגָּדֹל נְהַר־פְּרָת׃
אֶת־הַקֵּינִי וְאֶת־הַקְּנִזִּי וְאֵת הַקַּדְמֹנִי׃ וְאֶת־הַחִתִּי וְאֶת־ 19 כ

## קאפיטעל טו

1 נאך דיא דאזיגע זאכען איז דאס װארט פון גאט געװעזען צו אברם אין איינע ערשיינונג, אזוי צו זאגען, פארכט דיך ניט אברם, איך בין א באשיצער צו דיר, דיין שכר איז זעהר גרױס: 2 אונד אברם האט געזאגט, האר גאט, װאס װילסט דוא מיר געבען, װארין איך געה ארום אהן קינדער, אונד דער פערװאלטער פון מיין הױז איז אליעזר פון דמשק? 3 אונד אברם האט געזאגט, זעה, צו מיר האסט דוא ניט געגעבען קיין זאמען, אונד זעה, דער זוהן פון מיין הױז װעט מיך ערבען (ירשנ׳ן) 4 אונד זעה, דאס װארט פון גאט איז געװעזען צו איהם, אזוי צו זאגען, דיזער װעט דיך ניט ערבען נייערט דער װאס װעט ארױסגיין פון דיינע געדערעם דער װעט דיך ערבען: 5 אונד ער האט איהם ארױסגעפירט דרױסען אונד ער האט געזאגט, בליק אױף קעגען דעם הימעל אונד צייל דיא שטערען, אױב דוא קענסט זייא ציילען, אונד ער האט צו איהם געזאגט, אזוי זאל זיין דיין זאמען: 6 אונד ער האט געגלױבט אין גאט, אונד ער האט עס גערעכענט צו איהם צו א גערעכטיגקייט: 7 אונד ער האט צו איהם געזאגט, איך בין גאט װאס האט דיך ארױסגעפירט פון אור כשדים דיר צו געבען דיזעם לאנד, עס צו ערבען: 8 אונד ער האט געזאגט, האר גאט! װיא װעל איך עס װיסען אז איך װעל עס ערבען? 9 אונד ער האט צו איהם געזאגט, נעם מיר א קאלב פון דרייא יאהר, אונד א ציג פון דרייא יאהר, אונד א װידער פון דרייא יאהר, א טורטעל טױב, אונד א יונגע טױב: 10 אונד ער האט גענומען צו זיך אלע דיזע, אונד ער האט זייא צושניטען אין דער מיטען, אונד ער האט געלייגט יעדעס שטיק קעגען דעם אנדערען, אבער דיא פײגעל האט ער ניט צושניטען: 11 אונד דיא רױב־פײגעל האבען אראפ געניدערט אױף דיא טױטע לייבער, אונד אברם האט זייא אװעק געטריבען: 12 אונד עס איז געװעזען װען דיא זון האט געזאלט אונטערגיין, איז א טיפער שלאף געפאלען אױף אברם, אונד זעה, א פורכט אונד א גרױסע פינסטערניס איז געפאלען אױף איהם: 13 אונד ער האט געזאגט צו אברם, דוא זאלסט געװיס װיסען אז דיין זאמען װעט זיין א פרעמדלינג אין א לאנד װאס איז ניט זייערס, אונד מען װעט זייא מאכען דינען, אונד מען װעט זייא פייניגען פיער הונדערט יאהר: 14 אונד אויך דאס פאלק װאס װעט זייא מאכען דינען װעל איך ריכטען, אונד דערנאך װעלען זייא ארױסגיין מיט גרױס פארמעגען: 15 אונד דוא װעסט קומען צו דיינע פעטער אין פרידען, דוא װעסט בעגראבען װערען אין א גוטע עלטער: 16 אונד אין דעם פירטען דור װעלען זייא אהער צוריק קערען, װארין עס איז נאך ניט גאנץ דיא זינד פון דעם אמרי ביז אצונד: 17 אונד עס איז געװעזען װען דיא זון איז אונטער געגאנגען אזוי איז געװעזען א דיקע פינסטערניס, אונד זעה, איין אויבען מיט רױך, אונד א פלאם פייער װאס איז דורכגעגאנגען צװישען דיא דאזיגע שטיקער: 18 אין דעם דאזיגען טאג האט גאט געמאכט א ברית מיט אברם, אזוי צו זאגען, צו דיינע קינדער האב איך געגעבען דיזעם לאנד, פון דעם שטראם פון מצרים ביז צו דעם גרױסען שטראם, דעם שטראם פרת: 19 דעם קיני אונד דעם קניזי אונד דעם קדמוני: 20 אונד דעם חתי אונד

21 הַפְּרִזִּי וְאֶת־הָרְפָאִים׃ וְאֶת־הָאֱמֹרִי וְאֶת־הַכְּנַעֲנִי וְאֶת־
הַגִּרְגָּשִׁי וְאֶת־הַיְבוּסִי׃ ס

טז

טז
א וְשָׂרַי אֵשֶׁת אַבְרָם לֹא יָלְדָה לוֹ וְלָהּ שִׁפְחָה מִצְרִית
2 וּשְׁמָהּ הָגָר׃ וַתֹּאמֶר שָׂרַי אֶל־אַבְרָם הִנֵּה־נָא עֲצָרַנִי
יְהוָה מִלֶּדֶת בֹּא־נָא אֶל־שִׁפְחָתִי אוּלַי אִבָּנֶה מִמֶּנָּה
3 וַיִּשְׁמַע אַבְרָם לְקוֹל שָׂרָי׃ וַתִּקַּח שָׂרַי אֵשֶׁת־אַבְרָם
אֶת־הָגָר הַמִּצְרִית שִׁפְחָתָהּ מִקֵּץ עֶשֶׂר שָׁנִים לְשֶׁבֶת
אַבְרָם בְּאֶרֶץ כְּנָעַן וַתִּתֵּן אֹתָהּ לְאַבְרָם אִישָׁהּ לוֹ לְאִשָּׁה׃
4 וַיָּבֹא אֶל־הָגָר וַתַּהַר וַתֵּרֶא כִּי הָרָתָה וַתֵּקַל גְּבִרְתָּהּ
ה בְּעֵינֶיהָ׃ וַתֹּאמֶר שָׂרַי אֶל־אַבְרָם חֲמָסִי עָלֶיךָ אָנֹכִי נָתַתִּי
שִׁפְחָתִי בְּחֵיקֶךָ וַתֵּרֶא כִּי הָרָתָה וָאֵקַל בְּעֵינֶיהָ יִשְׁפֹּט
6 יְהוָה בֵּינִי וּבֵינֶיךָ׃ וַיֹּאמֶר אַבְרָם אֶל־שָׂרַי הִנֵּה שִׁפְחָתֵךְ
בְּיָדֵךְ עֲשִׂי־לָהּ הַטּוֹב בְּעֵינָיִךְ וַתְּעַנֶּהָ שָׂרַי וַתִּבְרַח מִפָּנֶיהָ׃
7 וַיִּמְצָאָהּ מַלְאַךְ יְהוָה עַל־עֵין הַמַּיִם בַּמִּדְבָּר עַל־הָעַיִן
8 בְּדֶרֶךְ שׁוּר׃ וַיֹּאמַר הָגָר שִׁפְחַת שָׂרַי אֵי־מִזֶּה בָאת וְאָנָה
9 תֵלֵכִי וַתֹּאמֶר מִפְּנֵי שָׂרַי גְּבִרְתִּי אָנֹכִי בֹּרַחַת׃ וַיֹּאמֶר
לָהּ מַלְאַךְ יְהוָה שׁוּבִי אֶל־גְּבִרְתֵּךְ וְהִתְעַנִּי תַּחַת יָדֶיהָ׃
י וַיֹּאמֶר לָהּ מַלְאַךְ יְהוָה הַרְבָּה אַרְבֶּה אֶת־זַרְעֵךְ וְלֹא
11 יִסָּפֵר מֵרֹב׃ וַיֹּאמֶר לָהּ מַלְאַךְ יְהוָה הִנָּךְ הָרָה וְיֹלַדְתְּ
בֵּן וְקָרָאת שְׁמוֹ יִשְׁמָעֵאל כִּי־שָׁמַע יְהוָה אֶל־עָנְיֵךְ׃
12 וְהוּא יִהְיֶה פֶּרֶא אָדָם יָדוֹ בַכֹּל וְיַד כֹּל בּוֹ וְעַל־פְּנֵי כָל־
13 אֶחָיו יִשְׁכֹּן׃ וַתִּקְרָא שֵׁם־יְהוָה הַדֹּבֵר אֵלֶיהָ אַתָּה אֵל
14 רֳאִי כִּי אָמְרָה הֲגַם הֲלֹם רָאִיתִי אַחֲרֵי רֹאִי׃ עַל־כֵּן קָרָא
טו לַבְּאֵר בְּאֵר לַחַי רֹאִי הִנֵּה בֵין־קָדֵשׁ וּבֵין בָּרֶד׃ וַתֵּלֶד
הָגָר לְאַבְרָם בֵּן וַיִּקְרָא אַבְרָם שֶׁם־בְּנוֹ אֲשֶׁר־יָלְדָה הָגָר

דעם פְּרִזִּי אוּנד דיא רְפָאִים: 21 אוּנד דעם אֱמֹרִי אוּנד דעם כְּנַעֲנִי אוּנד דעם גִּרְגָּשִׁי אוּנד דעם יְבוּסִי:

## קאפיטעל טז

1 אוּנד שָׂרַי דאס ווייבּ פוּן אַבְרָם האָט צוּ איהם קיין קינד געבּוֹירען, אוּנד זיא האָט געהאַט אַ דינסט פוּן מִצְרַיִם, אוּנד איהר נאָמען איז געוועזען הָגָר: 2 אוּנד שָׂרַי האָט געזאָגט צוּ אַבְרָם, זעה דאָךְ, גאָט האָט מיךְ אוֹיפגעהאַלטען פוּן צוּ געבּוֹירען, קוּם נוּן צוּ מיין דינסט, טאָמער וועל איךְ געבּוֹיעט ווערען דוּרךְ איהר, אוּנד אַבְרָם האָט געהערט צוּ דעם קוֹל פוּן שָׂרַי: 3 אוּנד שָׂרַי דאָס ווייבּ פוּן אַבְרָם האָט גענוּמען הָגָר פוּן מִצְרַיִם איהר דינסט אין דעם עֶנד פוּן צעהן יאָהר, זינט אַבְרָהָם האָט געוואוֹינט אין דעם לאַנד כְּנַעַן, אוּנד האָט זיא געגעבּען צוּ איהר מאַן אַבְרָם פאַר אַ ווייבּ: 4 אוּנד ער איז געקוּמען צוּ הָגָר, אוּנד זיא איז שוואַנגער געוואָרען, אוּנד ווען זיא האָט געזעהען אַז זיא איז שוואַנגער אַזוֹי איז איהרע האַרענטע גרינג געוואָרען אין איהרע אוֹיגען: 5 אוּנד שָׂרַי האָט געזאָגט צוּ אַבְרָם, מיין אוּנ־רעכט איז אוֹיף דיר, איךְ האָבּ געגעבּען מיין דינסט אין דיין שוֹים, אוּנד ווען זיא האָט געזעהען אַז זיא איז שוואַנגער, אַזוֹי בּין איךְ אין איהרע אוֹיגען גרינג געוואָרען, גאָט זאָל ריכטען צווישען מיר אוּנד דיר: 6 אוּנד אַבְרָם האָט געזאָגט צוּ שָׂרַי, זעה דיין דינסט איז אין דיינע האַנד טהוּא צוּ איהר ווי עס איז גוּט אין דיינע אוֹיגען, אוּנד שָׂרַי האָט זיא געפּייניגט, אוּנד זיא איז אַנטלאָפען פוּן איהר: 7 אוּנד דער מַלְאָךְ פוּן גאָט האָט זיא געפוּנען בּייא דעם קוואַל פוּן וואַסער אין דער מִדְבָּר, בּייא דעם קוואַל וואָס איז אים וועג פוּן שׁוּר: 8 אוּנד ער האָט געזאָגט, הָגָר, דינסט פוּן שָׂרַי, פוּן וואַנען קוּמסט דוּא? אוּנד וואוּ אַהין געהסט דוּא? אוּנד זיא האָט געזאָגט, איךְ אַנטלוֹיף פוּן שָׂרַי מיינע האַרענטע: 9 אוּנד דער מַלְאָךְ פוּן גאָט האָט צוּ איהר געזאָגט, געה, קעהר צוּריק צוּ דיינע האַרענטע אוּנד זייא אוּנטערטעניג אוּנטער איהרע הענד: 10 אוּנד דער מַלְאָךְ פוּן גאָט האָט צוּ איהר געזאָגט, פיל וועל איךְ מעהרען דיין זאָמען אַז ער זאָל ניט געציילט ווערען פוּן פילהייט: 11 ווייטער האָט דער מַלְאָךְ פוּן גאָט צוּ איהר געזאָגט, דוּא בּיסט טראָגענדיג, אוּנד דוּא וועסט געבּוֹירען אַ זוּהן, אוּנד דוּא זאָלסט זיין נאָמען רוּפען יִשְׁמָעֵאל, וואָרין גאָט האָט געהערט דיין ליידען: 12 אוּנד ער וועט זיין אַ ווילדער מאַן, זיינע האַנד וועט זיין קעגען אַלע אוּנד דיא האַנד פוּן אַלע קעגען איהם, אוּנד פאַר דעם אַנגעזיכט פוּן אַלע זיינע בּרידער וועט ער וואוֹינען: 13 אוּנד זיא האָט גערוּפען דעם נאָמען פוּן גאָט וואָס האָט מיט איהר גערעדט, אֵל רָאִי (דוּא בּיסט גאָט וואָס איז צוּ זעהען) וואָרין זיא האָט געזאָגט, אוֹיךְ דאָ האָבּ איךְ געזעהען נאָךְ מיין זעהען: 14 דרוּם האָט מען דעם בּרוּנען גערוּפען (בְּאֵר לַחַי רֹאִי), בּרוּנען פוּם לעבּעדיגען זעהענדיגען, זעה, דאָס איז צווישען קָדֵשׁ אוּנד צווישען בָּרֶד: 15 אוּנד הָגָר האָט געבּוֹירען אַ זוּהן צוּ אַבְרָם, אוּנד אַבְרָם האָט גערוּפען דעם נאָמען פוּן זיין זוּהן וואָס הָגָר האָט געבּוֹירען

יִשְׁמָעֵאל

יִשְׁמָעֵאל׃ 16 אוּנְד אַבְרָם אִיז אַלְט
גֶעוָועזֶען זֶעקְס אוּנְד אַכְצִיג יָאהְר וָוען
הָגָר הָאט דֶעם יִשְׁמָעֵאל גֶעוִוינֶען צוּ
אַבְרָם׃

קאפיטעל יז

1 אוּנְד וָוען אַבְרָם אִיז אַלְט גֶעוָועזֶען
נֵיין אוּנְד נֵיינְצִיג יָאהְר, הָאט זִיךְ גָאט
בֶּעוִויזֶען צוּ אַבְרָם, אוּנְד הָאט צוּ אִיהְם
גֶעזָאגְט, אִיךְ בִּין דֶער אַלְמֶעכְטִיגֶער
גָאט, גֵייא פַאר מִיר אוּנְד זֵייא אוֹיפְ־
רִיכְטִיג׃ 2 אוּנְד אִיךְ וֶועל מַאכֶען מֵיין
בּוּנְד צְווִישֶׁען מִיר אוּנְד צְוִוישֶׁען דִיר,
אוּנְד אִיךְ וֶועל דִיךְ זֶעהְר פִיל מֶעהְרֶען׃
3 אוּנְד אַבְרָם אִיז גֶעפַאלֶען אוֹיף זֵיין
פָּנִים, אוּנְד גָאט הָאט מִיט אִיהְם גֶערֶעט,
אַזוֹי צוּ זָאגֶען׃ 4 אִיךְ (בִּין עֶס), זֶעה,
מֵיין בּוּנְד אִיז מִיט דִיר, אוּנְד דוּא זָאלְסְט
וֶוערֶען אַ פָאטֶער פוּן פִילֶע פֶעלְקֶער׃
5 אוּנְד דֵיין נָאמֶען זָאל נִיט מֶעהְר
גֶערוּפֶען וֶוערֶען אַבְרָם, נֵייעֶרְט דֵיין
נָאמֶען זָאל זֵיין אַבְרָהָם, וָוארִין צוּם
פָאטֶער פוּן פִילֶע פֶעלְקֶער הָאבּ אִיךְ
דִיךְ גֶעגֶעבֶּען׃ 6 אוּנְד אִיךְ וֶועל דִיךְ
פְרוּכְטְבַּאר מַאכֶען זֶעהְר פִיל, אוּנְד אִיךְ וֶועל דִיךְ מַאכֶען צוּ פֶעלְקֶער, אוּנְד
קֶענִיגֶע זָאלֶען פוּן דִיר אַרוֹיסְקוּמֶען׃ 7 אוּנְד אִיךְ וֶועל בֶּעשְׁטֶעטִיגֶען מֵיין בּוּנְד צְווִישֶׁען
מִיר אוּנְד צְוִוישֶׁען דִיר, אוּנְד צְוִוישֶׁען דֵיין זָאמֶען נָאךְ דִיר צוּ זֵייעֶרֶע גֶעשְׁלֶעכְטֶער
צוּ אֵיין אֵייבִּיגֶען בּוּנְד, צוּ זֵיין דֵיין גָאט אוּנְד צוּ דֵיין זָאמֶען נָאךְ דִיר׃ 8 אוּנְד אִיךְ
וֶועל גֶעבֶּען צוּ דִיר אוּנְד צוּ דֵיין זָאמֶען נָאךְ דִיר דָאס לַאנְד פוּן דֵיינֶע וְואוֹינוּנְג, דָאס
גַאנְצֶע לַאנְד כְּנַעַן, צוּ אֵיינֶע אֵייבִּיגֶע עֶרְבְּשַׁאפְט, אוּנְד אִיךְ וֶועל זֵיין זֵייעֶר גָאט׃
9 אוּנְד גָאט הָאט גֶעזָאגְט צוּ אַבְרָהָם, אוּנְד דוּא זָאלְסְט מֵיין בּוּנְד הִיטֶען, דוּא אוּנְד
דֵיין זָאמֶען נָאךְ דִיר צוּ זֵייעֶרֶע גֶעשְׁלֶעכְטֶער׃ 10 דָאס אִיז דֶער בּוּנְד וָואס אִיהְר
זָאלְט הִיטֶען צְוִוישֶׁען מִיר אוּנְד צְוִוישֶׁען אֵייךְ אוּנְד צְוִוישֶׁען דֵיינֶע זָאמֶען נָאךְ דִיר,
עֶס זָאל בֶּעשְׁנִיטֶען וֶוערֶען יֶעדֶער מַאנְסְפֶּערְזָאן (זָכָר) צְוִוישֶׁען אֵייךְ׃ 11 אוּנְד אִיהְר
זָאלְט בֶּעשְׁנֵיידֶען דָאס פְלֵיישׁ פוּן אֵיירֶע פָארְהוֹיט, אוּנְד עֶס זָאל זֵיין צוּ אַ צֵייכֶען
פוּן דֶעם בּוּנְד צְוִוישֶׁען מִיר אוּנְד צְוִוישֶׁען אֵייךְ׃ 12 אוּנְד אַ זוּהְן פוּן אַכְט טֶעג זָאל
צוּ אֵייךְ בֶּעשְׁנִיטֶען וֶוערֶען, יֶעדֶער מַאנְסְפֶּערְזָאן צוּ אֵיירֶע גֶעשְׁלֶעכְטֶער, וָואס אִיז
גֶעבּוֹירֶען אִין דֶעם הוֹיז, אוּנְד וָואס אִיז גֶעקוֹיפְט פַאר גֶעלְד פוּן יֶעדֶעם זוּהְן פוּן אַ
פְרֶעמְדֶען וָואס אִיז נִיט פוּן דֵיין זָאמֶען׃ 13 עֶר זָאל גֶעוִויס בֶּעשְׁנִיטֶען וֶוערֶען, וָואס
אִיז גֶעבּוֹירֶען אִין דֵיין הוֹיז, אוּנְד וָואס אִיז גֶעקוֹיפְט פַאר דֵיין גֶעלְד, אַז מֵיין בּוּנְד
זָאל זֵיין אִין אֵייעֶר פְלֵיישׁ צוּ אֵיין אֵייבִּיגֶען בּוּנְד׃ 14 אוּנְד אֵיין אוּמְבֶּעשְׁנִיטֶענֶער
מַאנְסְפֶּערְזָאן וָואס עֶר וֶועט זִיךְ נִיט בֶּעשְׁנֵיידֶען דָאס פְלֵיישׁ פוּן זֵיינֶע פָארְהוֹיט, דִיזֶע
זֶעלֶע זָאל פֶערְשְׁנִיטֶען וֶוערֶען פוּן אִיהְר פָאלְק, זִיא הָאט מֵיין בּוּנְד צוּשְׁטֶערְט׃
15 אוּנְד גָאט הָאט גֶעזָאגְט צוּ אַבְרָהָם, שָׂרַי דֵיין וַוייבּ, דוּא זָאלְסְט נִיט רוּפֶען אִיהְר
נָאמֶען שָׂרַי, נֵייעֶרְט שָׂרָה אִיז אִיהְר נָאמֶען׃ 16 אוּנְד אִיךְ וֶועל זִיא בֶּענְשֶׁען,
אוּנְד אוֹיךְ פוּן אִיהְר וֶועל אִיךְ דִיר אַ זוּהְן גֶעבֶּען, אוּנְד אִיךְ וֶועל זִיא בֶּענְשֶׁען,
אוּנְד זִיא זָאל זֵיין צוּ פֶעלְקֶער, קֶענִיגֶע פוּן פֶעלְקֶער זָאלֶען פוּן אִיהְר זֵיין׃
17 אוּנְד אַבְרָהָם אִיז גֶעפַאלֶען אוֹיף זֵיין פָּנִים, אוּנְד הָאט גֶעלַאכְט,

יִשְׁמָעֵאל׃ וְאַבְרָם בֶּן־שְׁמֹנִים שָׁנָה וְשֵׁשׁ שָׁנִים בְּלֶדֶת־ 16
הָגָר אֶת־יִשְׁמָעֵאל לְאַבְרָם׃ ס

יז — יז

וַיְהִי אַבְרָם בֶּן־תִּשְׁעִים שָׁנָה וְתֵשַׁע שָׁנִים וַיֵּרָא יְהוָה א
אֶל־אַבְרָם וַיֹּאמֶר אֵלָיו אֲנִי־אֵל שַׁדַּי הִתְהַלֵּךְ לְפָנַי וֶהְיֵה
תָמִים׃ וְאֶתְּנָה בְרִיתִי בֵּינִי וּבֵינֶךָ וְאַרְבֶּה אוֹתְךָ בִּמְאֹד 2
מְאֹד׃ וַיִּפֹּל אַבְרָם עַל־פָּנָיו וַיְדַבֵּר אִתּוֹ אֱלֹהִים לֵאמֹר׃ 3
אֲנִי הִנֵּה בְרִיתִי אִתָּךְ וְהָיִיתָ לְאַב הֲמוֹן גּוֹיִם׃ וְלֹא־יִקָּרֵא 4 ה
עוֹד אֶת־שִׁמְךָ אַבְרָם וְהָיָה שִׁמְךָ אַבְרָהָם כִּי אַב־הֲמוֹן
גּוֹיִם נְתַתִּיךָ׃ וְהִפְרֵתִי אֹתְךָ בִּמְאֹד מְאֹד וּנְתַתִּיךָ לְגוֹיִם 6
וּמְלָכִים מִמְּךָ יֵצֵאוּ׃ וַהֲקִמֹתִי אֶת־בְּרִיתִי בֵּינִי וּבֵינֶךָ 7
וּבֵין זַרְעֲךָ אַחֲרֶיךָ לְדֹרֹתָם לִבְרִית עוֹלָם לִהְיוֹת לְךָ
לֵאלֹהִים וּלְזַרְעֲךָ אַחֲרֶיךָ׃ וְנָתַתִּי לְךָ וּלְזַרְעֲךָ אַחֲרֶיךָ 8
אֵת ׀ אֶרֶץ מְגֻרֶיךָ אֵת כָּל־אֶרֶץ כְּנַעַן לַאֲחֻזַּת עוֹלָם וְהָיִיתִי
לָהֶם לֵאלֹהִים׃ וַיֹּאמֶר אֱלֹהִים אֶל־אַבְרָהָם וְאַתָּה אֶת־ 9
בְּרִיתִי תִשְׁמֹר אַתָּה וְזַרְעֲךָ אַחֲרֶיךָ לְדֹרֹתָם׃ זֹאת בְּרִיתִי י
אֲשֶׁר תִּשְׁמְרוּ בֵּינִי וּבֵינֵיכֶם וּבֵין זַרְעֲךָ אַחֲרֶיךָ הִמּוֹל
לָכֶם כָּל־זָכָר׃ וּנְמַלְתֶּם אֵת בְּשַׂר עָרְלַתְכֶם וְהָיָה לְאוֹת 11
בְּרִית בֵּינִי וּבֵינֵיכֶם׃ וּבֶן־שְׁמֹנַת יָמִים יִמּוֹל לָכֶם כָּל־זָכָר 12
לְדֹרֹתֵיכֶם יְלִיד בָּיִת וּמִקְנַת־כֶּסֶף מִכֹּל בֶּן־נֵכָר אֲשֶׁר לֹא
מִזַּרְעֲךָ הוּא׃ הִמּוֹל ׀ יִמּוֹל יְלִיד בֵּיתְךָ וּמִקְנַת כַּסְפֶּךָ 13
וְהָיְתָה בְרִיתִי בִּבְשַׂרְכֶם לִבְרִית עוֹלָם׃ וְעָרֵל ׀ זָכָר אֲשֶׁר 14
לֹא־יִמּוֹל אֶת־בְּשַׂר עָרְלָתוֹ וְנִכְרְתָה הַנֶּפֶשׁ הַהִוא מֵעַמֶּיהָ
אֶת־בְּרִיתִי הֵפַר׃ ס וַיֹּאמֶר אֱלֹהִים אֶל־אַבְרָהָם שָׂרַי טו
אִשְׁתְּךָ לֹא־תִקְרָא אֶת־שְׁמָהּ שָׂרָי כִּי שָׂרָה שְׁמָהּ׃ וּבֵרַכְתִּי 16
אֹתָהּ וְגַם נָתַתִּי מִמֶּנָּה לְךָ בֵּן וּבֵרַכְתִּיהָ וְהָיְתָה לְגוֹיִם
מַלְכֵי עַמִּים מִמֶּנָּה יִהְיוּ׃ וַיִּפֹּל אַבְרָהָם עַל־פָּנָיו וַיִּצְחָק 17

וַיֹּאמֶר בְּלִבּוֹ הַלְּבֶן מֵאָה־שָׁנָה יִוָּלֵד וְאִם־שָׂרָה הֲבַת־
18 תִּשְׁעִים שָׁנָה תֵּלֵד׃ וַיֹּאמֶר אַבְרָהָם אֶל־הָאֱלֹהִים לוּ
19 יִשְׁמָעֵאל יִחְיֶה לְפָנֶיךָ׃ וַיֹּאמֶר אֱלֹהִים אֲבָל שָׂרָה אִשְׁתְּךָ
יֹלֶדֶת לְךָ בֵּן וְקָרָאתָ אֶת־שְׁמוֹ יִצְחָק וַהֲקִמֹתִי אֶת־בְּרִיתִי
כ אִתּוֹ לִבְרִית עוֹלָם לְזַרְעוֹ אַחֲרָיו׃ וּלְיִשְׁמָעֵאל שְׁמַעְתִּיךָ
הִנֵּה ׀ בֵּרַכְתִּי אֹתוֹ וְהִפְרֵיתִי אֹתוֹ וְהִרְבֵּיתִי אֹתוֹ בִּמְאֹד
21 מְאֹד שְׁנֵים־עָשָׂר נְשִׂיאִם יוֹלִיד וּנְתַתִּיו לְגוֹי גָּדוֹל׃ וְאֶת־
בְּרִיתִי אָקִים אֶת־יִצְחָק אֲשֶׁר תֵּלֵד לְךָ שָׂרָה לַמּוֹעֵד הַזֶּה
22 בַּשָּׁנָה הָאַחֶרֶת׃ וַיְכַל לְדַבֵּר אִתּוֹ וַיַּעַל אֱלֹהִים מֵעַל
23 אַבְרָהָם׃ וַיִּקַּח אַבְרָהָם אֶת־יִשְׁמָעֵאל בְּנוֹ וְאֵת כָּל־יְלִידֵי
בֵיתוֹ וְאֵת כָּל־מִקְנַת כַּסְפּוֹ כָּל־זָכָר בְּאַנְשֵׁי בֵּית אַבְרָהָם
וַיָּמָל אֶת־בְּשַׂר עָרְלָתָם בְּעֶצֶם הַיּוֹם הַזֶּה כַּאֲשֶׁר דִּבֶּר
24 אִתּוֹ אֱלֹהִים׃ וְאַבְרָהָם בֶּן־תִּשְׁעִים וָתֵשַׁע שָׁנָה בְּהִמֹּלוֹ
כה בְּשַׂר עָרְלָתוֹ׃ וְיִשְׁמָעֵאל בְּנוֹ בֶּן־שְׁלֹשׁ עֶשְׂרֵה שָׁנָה בְּהִמֹּלוֹ
26 אֵת בְּשַׂר עָרְלָתוֹ׃ בְּעֶצֶם הַיּוֹם הַזֶּה נִמּוֹל אַבְרָהָם
27 וְיִשְׁמָעֵאל בְּנוֹ׃ וְכָל־אַנְשֵׁי בֵיתוֹ יְלִיד בָּיִת וּמִקְנַת־כֶּסֶף
מֵאֵת בֶּן־נֵכָר נִמֹּלוּ אִתּוֹ׃

יח

יח פ פ פ ד

א וַיֵּרָא אֵלָיו יְהוָה בְּאֵלֹנֵי מַמְרֵא וְהוּא יֹשֵׁב פֶּתַח־הָאֹהֶל
2 כְּחֹם הַיּוֹם׃ וַיִּשָּׂא עֵינָיו וַיַּרְא וְהִנֵּה שְׁלֹשָׁה אֲנָשִׁים נִצָּבִים
עָלָיו וַיַּרְא וַיָּרָץ לִקְרָאתָם מִפֶּתַח הָאֹהֶל וַיִּשְׁתַּחוּ אָרְצָה׃
3 וַיֹּאמַר אֲדֹנָי אִם־נָא מָצָאתִי חֵן בְּעֵינֶיךָ אַל־נָא תַעֲבֹר מֵעַל
4 עַבְדֶּךָ׃ יֻקַּח־נָא מְעַט־מַיִם וְרַחֲצוּ רַגְלֵיכֶם וְהִשָּׁעֲנוּ תַּחַת
ה הָעֵץ׃ וְאֶקְחָה פַת־לֶחֶם וְסַעֲדוּ לִבְּכֶם אַחַר תַּעֲבֹרוּ כִּי־
עַל־כֵּן עֲבַרְתֶּם עַל־עַבְדְּכֶם וַיֹּאמְרוּ כֵּן תַּעֲשֶׂה כַּאֲשֶׁר
6 דִּבַּרְתָּ׃ וַיְמַהֵר אַבְרָהָם הָאֹהֱלָה אֶל־שָׂרָה וַיֹּאמֶר מַהֲרִי

אונד ער האט געזאגט אין זיין הארץ, זאל דען געבוירען ווערען צו איינעם וואס איז אלט הונדערט יאהר, אונד זאל שרה, וואס איז אלט ניינציג יאהר נאך געווינען? 18 אונד אברהם האט גע־זאגט צו גאט, הלואי זאל ישמעאל לעבען פאר דיר! 19 אונד גאט האט געזאגט, אבער שרה דיין ווייב וועט צו דיר א זוהן געווינען, אונד דוא זאלסט רופען זיין נאמען יצחק, אונד איך וועל בעשטעטיגען מיין בונד מיט איהם צו איין אייביגען בונד, צו זיין זאמען נאך איהם: 20 אונד פון וועגען ישמעאל האב איך דיך (אויך) געהערט, נון, איך האב איהם געבענשט, אונד איך וועל איהם פרוכטבאר מאכען, אונד איך וועל איהם זעהר פיל מעהרען, צוועלף נשיאים וועט ער געווינען, אונד איך וועל איהם מאכען צו א גרוים פאלק: 21 אבער מיין בונד וועל איך בע־שטעטיגען מיט יצחק, וואס שרה וועט געווינען צו דיר, צו דיזער צייט אין דעם אנדערען יאהר: 22 אונד ער האט אויפגעהערט מיט איהם צו רעדען, אונד גאט איז אויפגעגאנגען פון אברהם:

23 אונד אברהם האט גענומען ישמעאל זיין זוהן, אונד אלע וואס זענען געבוירען געוואָרען אין זיין הויז, אלע וואס ער האט געקויפט פאר זיין געלד, יעדען מאנס־פערזאן צווישען דיא לייט פון דעם הויז פון אברהם, אונד האט בעשניטען דאס פלייש פון זייערע פארהויט, אין דעמזעלביגען טאג, אזוי וויא גאט האט גערעט מיט איהם: 24 אונד אברהם איז אלט געוועזען ניין אונד ניינציג יאהר ווען ער איז בע־שניטען געוואָרען אן דעם פלייש פון זיינע פארהויט: 25 אונד ישמעאל זיין זוהן איז אלט געוועזען דרייצעהן יאהר ווען ער איז בעשניטען געוואָרען אן דעם פלייש פון זיינע פארהויט: 26 אין דעמזעלביגען טאג איז אברהם אונד זיין זוהן ישמעאל בעשניטען געוואָרען: 27 אונד אלע מענער פון זיין הויז, וואס זענען געבוירען געוואָרען אין דעם הויז אונד וואס זענען געקויפט געוואָרען פאר געלד פון דעם זוהן פון דעם פרעמדען, זענען בעשניטען געוואָרען מיט איהם:

## קאפיטעל יח

## וירא

1 אונד גאט האט זיך צו איהם בעוויזען אין דעם פלוין פון ממרא, אונד ער איז געזעסען ביי דער טיר פון דעם געצעלט, ווען דער טאג איז געוועזען ווארם: 2 אונד ער האט אויפגעהויבען זיינע אויגען אונד ער האט געזעהען, אז דריי מענער זענען געשטאנען פאר איהם, אונד ווען ער האט געזעהען איז ער געלאפען זייא ענטקעגען, פון דער טיר פון דעם געצעלט, אונד האט זיך געביקט ביז צו דער ערד: 3 אונד ער האט געזאגט, מיין האר, ווען איך האב געפינען וואוילגעפאלען אין דיינע אויגען, זאלסט דוא ניט פארבייא גיין פאר דיין קנעכט: 4 עס זאל גענומען ווערען א ביסעל וואסער אונד וואשט אייערע פים אונד לעהנט אייך אונטער דעם בוים: 5 אונד איך וועל ברענגען א שטיק ברויט אונד שטיצט אייערע הערצער, דערנאך וועט איהר פארבייא גיין, דען דרום זענט איהר אייער קנעכט פארבייא געגאנגען. אונד זייא האבען געזאגט טהוא אזוי וויא דוא האסט געזאגט: 6 אונד אברהם האט געאיילט צום געצעלט צו שרה, אונד ער האט געזאגט, (נעם) געשווינד

דרייא

שְׁלֹשׁ סְאִים קֶמַח סֹלֶת לוּשִׁי וַעֲשִׂי עֻגוֹת: וְאֶל־הַבָּקָר 7
רָץ אַבְרָהָם וַיִּקַּח בֶּן־בָּקָר רַךְ וָטוֹב וַיִּתֵּן אֶל־הַנַּעַר וַיְמַהֵר
לַעֲשׂוֹת אֹתוֹ: וַיִּקַּח חֶמְאָה וְחָלָב וּבֶן־הַבָּקָר אֲשֶׁר עָשָׂה 8
וַיִּתֵּן לִפְנֵיהֶם וְהוּא־עֹמֵד עֲלֵיהֶם תַּחַת הָעֵץ וַיֹּאכֵלוּ:
וַיֹּאמְרוּ אֵלָיו אַיֵּה שָׂרָה אִשְׁתֶּךָ וַיֹּאמֶר הִנֵּה בָאֹהֶל: 9
וַיֹּאמֶר שׁוֹב אָשׁוּב אֵלֶיךָ כָּעֵת חַיָּה וְהִנֵּה־בֵן לְשָׂרָה י
אִשְׁתֶּךָ וְשָׂרָה שֹׁמַעַת פֶּתַח הָאֹהֶל וְהוּא אַחֲרָיו: וְאַבְרָהָם 11
וְשָׂרָה זְקֵנִים בָּאִים בַּיָּמִים חָדַל לִהְיוֹת לְשָׂרָה אֹרַח
כַּנָּשִׁים: וַתִּצְחַק שָׂרָה בְּקִרְבָּהּ לֵאמֹר אַחֲרֵי בְלֹתִי 12
הָיְתָה־לִּי עֶדְנָה וַאדֹנִי זָקֵן: וַיֹּאמֶר יְהוָה אֶל־אַבְרָהָם 13
לָמָּה זֶּה צָחֲקָה שָׂרָה לֵאמֹר הַאַף אֻמְנָם אֵלֵד וַאֲנִי זָקַנְתִּי:
הֲיִפָּלֵא מֵיְהוָה דָּבָר לַמּוֹעֵד אָשׁוּב אֵלֶיךָ כָּעֵת חַיָּה 14
וּלְשָׂרָה בֵן: וַתְּכַחֵשׁ שָׂרָה | לֵאמֹר לֹא צָחַקְתִּי כִּי | טו
יָרֵאָה וַיֹּאמֶר | לֹא כִּי צָחָקְתְּ: וַיָּקֻמוּ מִשָּׁם הָאֲנָשִׁים 16
וַיַּשְׁקִפוּ עַל־פְּנֵי סְדֹם וְאַבְרָהָם הֹלֵךְ עִמָּם לְשַׁלְּחָם:
וַיהוָה אָמָר הַמְכַסֶּה אֲנִי מֵאַבְרָהָם אֲשֶׁר אֲנִי עֹשֶׂה: 17
וְאַבְרָהָם הָיוֹ יִהְיֶה לְגוֹי גָּדוֹל וְעָצוּם וְנִבְרְכוּ־בוֹ כֹּל גּוֹיֵי 18
הָאָרֶץ: כִּי יְדַעְתִּיו לְמַעַן אֲשֶׁר יְצַוֶּה אֶת־בָּנָיו וְאֶת־בֵּיתוֹ 19
אַחֲרָיו וְשָׁמְרוּ דֶּרֶךְ יְהוָה לַעֲשׂוֹת צְדָקָה וּמִשְׁפָּט לְמַעַן
הָבִיא יְהוָה עַל־אַבְרָהָם אֵת אֲשֶׁר־דִּבֶּר עָלָיו: וַיֹּאמֶר כ
יְהוָה זַעֲקַת סְדֹם וַעֲמֹרָה כִּי־רָבָּה וְחַטָּאתָם כִּי כָבְדָה
מְאֹד: אֵרְדָה־נָּא וְאֶרְאֶה הַכְּצַעֲקָתָהּ הַבָּאָה אֵלַי עָשׂוּ | 21
כָּלָה וְאִם־לֹא אֵדָעָה: וַיִּפְנוּ מִשָּׁם הָאֲנָשִׁים וַיֵּלְכוּ סְדֹמָה 22
וְאַבְרָהָם עוֹדֶנּוּ עֹמֵד לִפְנֵי יְהוָה: וַיִּגַּשׁ אַבְרָהָם וַיֹּאמַר 23
הַאַף תִּסְפֶּה צַדִּיק עִם־רָשָׁע: אוּלַי יֵשׁ חֲמִשִּׁים צַדִּיקִם 24
בְּתוֹךְ הָעִיר הַאַף תִּסְפֶּה וְלֹא־תִשָּׂא לַמָּקוֹם לְמַעַן חֲמִשִּׁים
הַצַּדִּיקִם אֲשֶׁר בְּקִרְבָּהּ: חָלִלָה לְּךָ מֵעֲשֹׂת | כַּדָּבָר כה

דרייא מָאס זֶעמֶל־מֶעהל קְנֶעט אוּנְד מַאךְ
קוּכֶען: 7 אוּנְד אַבְרָהָם אִיז גֶעלָאפֶען
צוּ דִיא רִינְדֶער אוּנְד הָאט גֶענוּמֶען אַ
יוּנְגֶעם רִינְד, וֵוייךְ אוּנְד גוּט, אוּנְד הָאט
עֶס גֶעגֶעבֶּען צוּם יוּנְג, אוּנְד עֶר הָאט
עֶס גֶעשְׁווִינְד פַארְטִיג גֶעמַאכְט: 8 אוּנְד
עֶר הָאט גֶענוּמֶען פּוּטֶער אוּנְד מִילְךְ
אוּנְד דָאס יוּנְגֶע רִינְד וָואס עֶר הָאט
פַארְטִיג גֶעמַאכְט אוּנְד הָאט עֶס פַאר
זֵייא גֶעגֶעבֶּען, אוּנְד עֶר אִיז גֶעשְׁטַאנֶען
פַאר זֵייא אוּנְטֶער דֶעם בּוֹים, אוּנְד זֵייא
הָאבֶּען גֶעגֶעסֶען: 9 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען
צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, ווְאוּ אִיז שָׂרָה דֵיין
וַוייבּ? אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט זִיא אִיז
אִים גֶעצֶעלְט: 10 אוּנְד עֶר הָאט גֶע־
זָאגְט, אִיךְ וֶועל גֶעווִיס צוּרִיק אוּמְקֶערֶען
צוּ דִיר צוּ דֶער צֵייט וֶוען זִיא ווִידֶער
אוֹיפְלֶעבְּט, אוּנְד דֵיין וַוייבּ שָׂרָה וֶועט
הָאבֶּען אַ זוּהְן, אוּנְד שָׂרָה הָאט עֶס
גֶעהֶערְט בֵּייא דֶער טִיר פוּן דֶעם גֶע־
צֶעלְט, אוּנְד זִיא אִיז גֶעוֶועזֶען הִינְטֶער
אִיהְם: 11 אוּנְד אַבְרָהָם אוּנְד שָׂרָה
זֶענֶען גֶעוֶועזֶען אַלְט, בֶּעטָאגְט, אוּנְד צוּ
שָׂרָה הָאט עֶס אוֹיפְגֶעהֶערְט צוּ זֵיין נָאךְ דֶעם גַאנְג פוּן וַוייבֶּער: 12 אוּנְד שָׂרָה
הָאט אִין זִיךְ גֶעלַאכְט, צוּ זָאגֶען, נָאכְדֶעם אַז אִיךְ בִּין אַלְט, זָאל אִיךְ נָאךְ לוּסְט
הָאבֶּען, אוּנְד מֵיין הַאר אִיז (אוֹיךְ) אַלְט: 13 אוּנְד גָאט הָאט גֶעזָאגְט צוּ אַבְרָהָם,
פַאר וָואס הָאט שָׂרָה אִיבֶּער דֶעם גֶעלַאכְט, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, זָאל אִיךְ דֶען פַארְוָואהְר
גֶעווִינֶען, וֶוען אִיךְ בִּין אַלְט? 14 אִיז דֶען פַאר גָאט אַ זַאךְ ווְאוּנְדֶערְלִיךְ? צוּ דֶער
צֵייט וֶועל אִיךְ צוּ דִיר ווִידֶערְקֶערֶען, צוּ דֶער צֵייט וֶוען זִיא אוֹיפְלֶעבְּט, אוּנְד שָׂרָה
וֶועט הָאבֶּען אַ זוּהְן: 15 אוּנְד שָׂרָה הָאט גֶעלֵייקֶענְט אוּנְד גֶעזָאגְט, אִיךְ הָאבּ נִיט
גֶעלַאכְט, ווָארִין זִיא הָאט זִיךְ גֶעפָארְכְטֶען, אָבֶּער עֶר הָאט גֶעזָאגְט, נֵיין, דוּא הָאסְט
גֶעלַאכְט: 16 אוּנְד דִיא מֶענֶער זֶענֶען אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען פוּן דָארְטֶען אוּנְד זֵייא הָאבֶּען
גֶעקוּקְט אוֹיף סְדוֹם, אוּנְד אַבְרָהָם אִיז גֶעגַאנְגֶען מִיט זֵייא, זֵייא צוּ בֶּעגְלֵייטֶען:
17 אוּנְד גָאט הָאט גֶעזָאגְט, זָאל אִיךְ פֶערְהוֹילֶען פוּן אַבְרָהָם וָואס אִיךְ טְהוּא?
18 אוּנְד אַבְרָהָם זָאל גֶעווִיס זֵיין צוּ אַ גְרוֹיס אוּנְד שְׁטַארְק פָאלְק, אוּנְד אַלֶע פֶעלְקֶער
פוּן דֶער עֶרְד זָאלֶען אִין אִיהְם גֶעבֶּענְשְׁט וֶוערֶען: 19 ווָארִין אִיךְ הָאבּ אִיהְם דַאמִיט
דֶערְקֶענְט אַז עֶר וֶועט בֶּעפֶעהְלֶען זֵיינֶע קִינְדֶער אוּנְד זֵיין הוֹיזְגֶעזִינְד נָאךְ אִיהְם, אַז
זֵייא זָאלֶען הִיטֶען דֶעם וֶועג פוּן גָאט צוּ טְהוּן גֶערֶעכְטִיגְקֵייט אוּנְד גֶערִיכְט, אַז גָאט
זָאל בְּרֶענְגֶען אוֹיף אַבְרָהָם וָואס עֶר הָאט וֶועגֶען אִיהְם גֶערֶעט: 20 אוּנְד גָאט הָאט
גֶעזָאגְט דָאס גֶעשְׁרֵייא פוּן סְדוֹם אוּנְד עֲמֹרָה אִיז גְרוֹיס, אוּנְד זֵיירֶע זִינְד אִיז זֶעהְר
שְׁוֶוער: 21 אִיךְ וֶועל נוּן אַרָאפְּנִידֶערֶען אוּנְד אִיךְ וֶועל זֶעהֶען אוֹיבּ זֵייא הָאבֶּען
אַלֶעס גֶעטְהוּן, גְלֵייךְ אַזוֹי ווִיא אִיהְר גֶעשְׁרֵייא וָואס אִיז גֶעקוּמֶען צוּ מִיר, אוּנְד וֶוען
נִיט וֶועל אִיךְ ווִיסֶען: 22 אוּנְד דִיא מֶענֶער הָאבֶּען זִיךְ פוּן דָארְט אַוֶועקְגֶעקֶערְט
אוּנְד זֵייא זֶענֶען גֶעגַאנְגֶען קֵיין סְדוֹם, אוּנְד אַבְרָהָם אִיז נָאךְ גֶעשְׁטַאנֶען פַאר גָאט:
23 אוּנְד אַבְרָהָם הָאט גֶענֶעהֶנְט אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, וֶועסְט דוּא אוֹיךְ פַארְדַארְבֶּען
דֶעם גֶערֶעכְטֶען מִיט דֶעם אוּמְגֶערֶעכְטֶען? 24 טָאמֶער זֶענֶען פוּפְצִיג גֶערֶעכְטֶע אִין דֶער
שְׁטָאט, וֶועסְט דוּא אוּמְבְּרֶענְגֶען אוּנְד וֶועסְט נִיט פֶערְגֶעבֶּען צוּ דֶעם אָרְט פוּן וֶועגֶען דִיא
פוּפְצִיג גֶערֶעכְטֶע וָואס זֶענֶען דַארִינֶען? 25 דָאס זָאל זֵיין וַוייט פוּן דִיר צוּ טְהוּן אַזוֹי

הַזֶּה לְהָמִית צַדִּיק עִם־רָשָׁע וְהָיָה כַצַּדִּיק כָּרָשָׁע חָלִלָה
26 לָּךְ הֲשֹׁפֵט כָּל־הָאָרֶץ לֹא יַעֲשֶׂה מִשְׁפָּט׃ וַיֹּאמֶר יְהוָה
אִם־אֶמְצָא בִסְדֹם חֲמִשִּׁים צַדִּיקִם בְּתוֹךְ הָעִיר וְנָשָׂאתִי
27 לְכָל־הַמָּקוֹם בַּעֲבוּרָם׃ וַיַּעַן אַבְרָהָם וַיֹּאמַר הִנֵּה־נָא
28 הוֹאַלְתִּי לְדַבֵּר אֶל־אֲדֹנָי וְאָנֹכִי עָפָר וָאֵפֶר׃ אוּלַי יַחְסְרוּן
חֲמִשִּׁים הַצַּדִּיקִם חֲמִשָּׁה הֲתַשְׁחִית בַּחֲמִשָּׁה אֶת־כָּל־
הָעִיר וַיֹּאמֶר לֹא אַשְׁחִית אִם־אֶמְצָא שָׁם אַרְבָּעִים וַחֲמִשָּׁה׃
29 וַיֹּסֶף עוֹד לְדַבֵּר אֵלָיו וַיֹּאמַר אוּלַי יִמָּצְאוּן שָׁם אַרְבָּעִים
ל וַיֹּאמֶר לֹא אֶעֱשֶׂה בַּעֲבוּר הָאַרְבָּעִים׃ וַיֹּאמֶר אַל־נָא יִחַר
לַאדֹנָי וַאֲדַבֵּרָה אוּלַי יִמָּצְאוּן שָׁם שְׁלֹשִׁים וַיֹּאמֶר לֹא
31 אֶעֱשֶׂה אִם־אֶמְצָא שָׁם שְׁלֹשִׁים׃ וַיֹּאמֶר הִנֵּה־נָא הוֹאַלְתִּי
לְדַבֵּר אֶל־אֲדֹנָי אוּלַי יִמָּצְאוּן שָׁם עֶשְׂרִים וַיֹּאמֶר לֹא
32 אַשְׁחִית בַּעֲבוּר הָעֶשְׂרִים׃ וַיֹּאמֶר אַל־נָא יִחַר לַאדֹנָי
וַאֲדַבְּרָה אַךְ־הַפַּעַם אוּלַי יִמָּצְאוּן שָׁם עֲשָׂרָה וַיֹּאמֶר לֹא
33 אַשְׁחִית בַּעֲבוּר הָעֲשָׂרָה׃ וַיֵּלֶךְ יְהוָה כַּאֲשֶׁר כִּלָּה לְדַבֵּר
אֶל־אַבְרָהָם וְאַבְרָהָם שָׁב לִמְקֹמוֹ׃

יט

א וַיָּבֹאוּ שְׁנֵי הַמַּלְאָכִים סְדֹמָה בָּעֶרֶב וְלוֹט יֹשֵׁב בְּשַׁעַר־
סְדֹם וַיַּרְא־לוֹט וַיָּקָם לִקְרָאתָם וַיִּשְׁתַּחוּ אַפַּיִם אָרְצָה׃
2 וַיֹּאמֶר הִנֶּה־נָּא אֲדֹנַי סוּרוּ נָא אֶל־בֵּית עַבְדְּכֶם וְלִינוּ
וְרַחֲצוּ רַגְלֵיכֶם וְהִשְׁכַּמְתֶּם וַהֲלַכְתֶּם לְדַרְכְּכֶם וַיֹּאמְרוּ
3 לֹּא כִּי בָרְחוֹב נָלִין׃ וַיִּפְצַר־בָּם מְאֹד וַיָּסֻרוּ אֵלָיו וַיָּבֹאוּ
4 אֶל־בֵּיתוֹ וַיַּעַשׂ לָהֶם מִשְׁתֶּה וּמַצּוֹת אָפָה וַיֹּאכֵלוּ׃ טֶרֶם
יִשְׁכָּבוּ וְאַנְשֵׁי הָעִיר אַנְשֵׁי סְדֹם נָסַבּוּ עַל־הַבַּיִת מִנַּעַר
ה וְעַד־זָקֵן כָּל־הָעָם מִקָּצֶה׃ וַיִּקְרְאוּ אֶל־לוֹט וַיֹּאמְרוּ לוֹ
אַיֵּה הָאֲנָשִׁים אֲשֶׁר־בָּאוּ אֵלֶיךָ הַלָּיְלָה הוֹצִיאֵם אֵלֵינוּ
6 וְנֵדְעָה אֹתָם׃ וַיֵּצֵא אֲלֵהֶם לוֹט הַפֶּתְחָה וְהַדֶּלֶת סָגַר

אַ זַאךְ צוּ טֵייטֶען דֶעם גֶערֶעכְטֶען מִיט דֶעם אוּמְגֶערֶעכְטֶען, אוּנְד אַז דֶער גֶערֶעכְטֶער זָאל זַיין גְלֵייךְ צוּ דֶעם אוּמְגֶערֶעכְטֶען, דָאס זָאל זַיין וַוייט פוּן דִיר, זָאל נִיט דֶער רִיכְטֶער פוּן דֶער גַאנְצֶע עֶרְד טְהוּן רֶעכְט? 26 אוּנְד גָאט הָאט גֶעזָאגְט ווֶען אִיךְ ווֶעל גֶעפִינֶען אִין דֶער שְׁטָאט סְדוֹם פוּפְצִיג גֶערֶעכְטֶע, ווֶעל אִיךְ פֶערְגֶעבֶּען פוּן זַייעֶרְט ווֶעגֶען צוּ דֶעם גַאנְצֶען אָרְט: 27 אוּנְד אַבְרָהָם הָאט גֶעעֶנְטפֶערְט אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט נוּן, אִיךְ הָאבּ מִיר פָארְגֶענוּמֶען צוּ רֶעדֶען צוּ מֵיין הַאר, אוּנְד אִיךְ בִּין שְׁטוֹיבּ אוּנְד אַשׁ: 28 טָאמֶער ווֶעלֶען פֶעהְלֶען פִינְף פוּן דִיא פוּפְצִיג גֶערֶעכְטֶע, ווֶעסְט דוּא פַארְדַארְבֶּען דִיא גַאנְצֶע שְׁטָאט ווֶעגֶען פִינְף? אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט אִיךְ ווֶעל זִיא נִיט פַארְדַארְבֶּען ווֶען אִיךְ ווֶעל דָארְט גֶעפִינֶען פִינְף אוּנְד פֶערְצִיג: 29 אוּנְד עֶר הָאט נָאכְאַמָאל גֶעמֶעהְרְט צוּ אִיהְם צוּ רֶעדֶען, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, טָאמֶער ווֶעלֶען דָארְט גֶעפוּנֶען ווֶערֶען פֶערְצִיג, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט אִיךְ ווֶעל עֶס נִיט טְהוּן ווֶעגֶען דִיא פֶערְצִיג: 30 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, לָאז עֶס מֵיין הַאר'ן נִיט פֶערְדְרִיסֶען אוּנְד אִיךְ ווֶעל רֶעדֶען, טָאמֶער ווֶעלֶען דָארְט דְרֵייסִיג גֶעפוּנֶען ווֶערֶען, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט אִיךְ ווֶעל עֶס נִיט טְהוּן ווֶען אִיךְ ווֶעל דָארְט גֶעפִינֶען דְרֵייסִיג: 31 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, נוּן, אִיךְ הָאבּ מִיר פָארְגֶענוּמֶען צוּ רֶעדֶען צוּ מֵיין הַאר, טָאמֶער ווֶעלֶען דָארְט צְוַואנְצִיג גֶעפוּנֶען ווֶערֶען, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט אִיךְ ווֶעל זִיא נִיט פֶערְדַארְבֶּען ווֶעגֶען דִיא צְוַואנְצִיג: 32 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, לָאז עֶס דֶעם הַאר'ן נִיט פֶערְדְרִיסֶען, אוּנְד אִיךְ ווֶעל נָאר דָאס מָאל רֶעדֶען, טָאמֶער ווֶעלֶען דָארְט גֶעפוּנֶען ווֶערֶען צֶעהְן, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט אִיךְ ווֶעל זִיא נִיט פַארְדַארְבֶּען ווֶעגֶען דִיא צֶעהְן: 33 אוּנְד גָאט אִיז אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען ווֶען עֶר הָאט אוֹיפְגֶעהֶערְט צוּ רֶעדְ'ן צוּ אַבְרָהָם, אוּנְד אַבְרָהָם הָאט צוּרִיק גֶעקֶערְט צוּ זַיין אָרְט:

## קאפיטעל יט

1 אוּנְד דִיא צְווייא מַלְאָכִים זֶענֶען גֶעקוּמֶען קֵיין סְדֹם אִים אָבֶענְד, אוּנְד לוֹט אִיז גֶעזֶעסֶען אִין דֶעם טוֹיעֶר פוּן סְדֹם, אוּנְד לוֹט הָאט זֵייא גֶעזֶעהֶען, אוּנְד עֶר אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען זֵייא עֶנְטְגֶעגֶען, אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ גֶעבִּיקְט מִיט דֶעם פָּנִים צוּ דֶער עֶרְד: 2 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, זֶעה, אִיךְ בֶּעט מֵיינֶע הַארֶען, קֶעהְרְט אֵיין צוּ דֶעם הוֹיז פוּן אֵייעֶר קְנֶעכְט, אוּנְד נֶעכְטִיגְט אִיבֶּער, אוּנְד וַואשְׁט אֵיירֶע פִים, אוּנְד אִיהְר ווֶעט פְרִיה אוֹיפְשְׁטֵיין אוּנְד אִיר ווֶעט גֵיין אֵייעֶר ווֶעג, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט נֵיין, נַייעֶרְט מִיר ווֶעלֶען נֶעכְטִיגֶען אוֹיף דֶער גַאס: 3 אוּנְד עֶר הָאט זֵייא שְׁטַארְק גֶעבֶּעטֶען, אוּנְד זֵייא זֶענֶען אֵיינְגֶעקֶעקֶערְט צוּ אִיהְם אוּנְד זֶענֶען גֶעקוּמֶען אִין זַיין הוֹיז, אוּנְד עֶר הָאט זֵייא גֶעמַאכְט אַ מָאלְצֵייט אוּנְד עֶר הָאט זֵייא גֶעבַּאקֶען קוּכֶען, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעגֶעסֶען: 4 אֵיידֶער זֵייא הָאבֶּען זִיךְ גֶעלֵייגְט, הָאבֶּען דִיא מֶענֶער פוּן דֶער שְׁטָאט, דִיא מֶענֶער פוּן סְדֹם, אַרוּמְגֶערִינְגֶעלְט דָאס הוֹיז, פוּן יוּנְג בִּיז אַלְט דָאס גַאנְצֶע פָאלְק פוּן אַלֶע עֶקֶען: 5 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶערוּפֶען צוּ לוֹט, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, ווְאוּ זֶענֶען דִיא מֶענֶער ווָאס זֶענֶען גֶעקוּמֶען צוּ דִיר בֵּייא נַאכְט? בְּרֶענְג זֵייא אַרוֹיס צוּ אוּנְס אַז מִיר זָאלֶען זֵייא דֶערְקֶענֶען: 6 אוּנְד לוֹט אִיז צוּ זֵייא אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען פַאר דֶער טִיר אוּנְד עֶר הָאט דִיא טִיר צוּגֶעשְׁלָאסֶען

אַחֲרָיו׃ וַיֹּאמַר אַל־נָא אַחַי תָּרֵעוּ׃ הִנֵּה־נָא לִי שְׁתֵּי בָנוֹת 8
אֲשֶׁר לֹא־יָדְעוּ אִישׁ אוֹצִיאָה־נָּא אֶתְהֶן אֲלֵיכֶם וַעֲשׂוּ לָהֶן
כַּטּוֹב בְּעֵינֵיכֶם רַק לָאֲנָשִׁים הָאֵל אַל־תַּעֲשׂוּ דָבָר כִּי־עַל־
כֵּן בָּאוּ בְּצֵל קֹרָתִי׃ וַיֹּאמְרוּ ׀ גֶּשׁ־הָלְאָה וַיֹּאמְרוּ הָאֶחָד 9
בָּא־לָגוּר וַיִּשְׁפֹּט שָׁפוֹט עַתָּה נָרַע לְךָ מֵהֶם וַיִּפְצְרוּ בָאִישׁ
בְּלוֹט מְאֹד וַיִּגְּשׁוּ לִשְׁבֹּר הַדָּלֶת׃ וַיִּשְׁלְחוּ הָאֲנָשִׁים אֶת־ י
יָדָם וַיָּבִיאוּ אֶת־לוֹט אֲלֵיהֶם הַבָּיְתָה וְאֶת־הַדֶּלֶת סָגָרוּ׃
וְאֶת־הָאֲנָשִׁים אֲשֶׁר־פֶּתַח הַבַּיִת הִכּוּ בַּסַּנְוֵרִים מִקָּטֹן 11
וְעַד־גָּדוֹל וַיִּלְאוּ לִמְצֹא הַפָּתַח׃ וַיֹּאמְרוּ הָאֲנָשִׁים אֶל־ 12
לוֹט עֹד מִי־לְךָ פֹה חָתָן וּבָנֶיךָ וּבְנֹתֶיךָ וְכֹל אֲשֶׁר־לְךָ בָּעִיר
הוֹצֵא מִן־הַמָּקוֹם׃ כִּי־מַשְׁחִתִים אֲנַחְנוּ אֶת־הַמָּקוֹם הַזֶּה 13
כִּי־גָדְלָה צַעֲקָתָם אֶת־פְּנֵי יְהוָה וַיְשַׁלְּחֵנוּ יְהוָה לְשַׁחֲתָהּ׃
וַיֵּצֵא לוֹט וַיְדַבֵּר ׀ אֶל־חֲתָנָיו ׀ לֹקְחֵי בְנֹתָיו וַיֹּאמֶר קוּמוּ 14
צְּאוּ מִן־הַמָּקוֹם הַזֶּה כִּי־מַשְׁחִית יְהוָה אֶת־הָעִיר וַיְהִי
כִמְצַחֵק בְּעֵינֵי חֲתָנָיו׃ וּכְמוֹ הַשַּׁחַר עָלָה וַיָּאִיצוּ הַמַּלְאָכִים טו
בְּלוֹט לֵאמֹר קוּם קַח אֶת־אִשְׁתְּךָ וְאֶת־שְׁתֵּי בְנֹתֶיךָ
הַנִּמְצָאֹת פֶּן־תִּסָּפֶה בַּעֲוֺן הָעִיר׃ וַיִּתְמַהְמָהּ ׀ וַיַּחֲזִיקוּ 16
הָאֲנָשִׁים בְּיָדוֹ וּבְיַד־אִשְׁתּוֹ וּבְיַד שְׁתֵּי בְנֹתָיו בְּחֶמְלַת
יְהוָה עָלָיו וַיֹּצִאֻהוּ וַיַּנִּחֻהוּ מִחוּץ לָעִיר׃ וַיְהִי כְהוֹצִיאָם 17
אֹתָם הַחוּצָה וַיֹּאמֶר הִמָּלֵט עַל־נַפְשֶׁךָ אַל־תַּבִּיט אַחֲרֶיךָ
וְאַל־תַּעֲמֹד בְּכָל־הַכִּכָּר הָהָרָה הִמָּלֵט פֶּן־תִּסָּפֶה׃ וַיֹּאמֶר 18
לוֹט אֲלֵהֶם אַל־נָא אֲדֹנָי׃ הִנֵּה־נָא מָצָא עַבְדְּךָ חֵן בְּעֵינֶיךָ 19
וַתַּגְדֵּל חַסְדְּךָ אֲשֶׁר עָשִׂיתָ עִמָּדִי לְהַחֲיוֹת אֶת־נַפְשִׁי
וְאָנֹכִי לֹא אוּכַל לְהִמָּלֵט הָהָרָה פֶּן־תִּדְבָּקַנִי הָרָעָה וָמַתִּי׃
הִנֵּה־נָא הָעִיר הַזֹּאת קְרֹבָה לָנוּס שָׁמָּה וְהִוא מִצְעָר כ
אִמָּלְטָה נָּא שָׁמָּה הֲלֹא מִצְעָר הִוא וּתְחִי נַפְשִׁי׃ וַיֹּאמֶר 21
אֵלָיו הִנֵּה נָשָׂאתִי פָנֶיךָ גַּם לַדָּבָר הַזֶּה לְבִלְתִּי הָפְכִּי אֶת־

הִינְטֶער זִיךְ׃ 7 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט,
מֵיינֶע בְּרִידֶער, טְהוּט דָאךְ קֵיין שְׁלֶעכְטֶעס
נִיט׃ 8 זֶעהְט, אִיךְ הָאבּ צְוֵויא טֶעכְטֶער
וָואס קֶענֶען קֵיין מַאן, אִיךְ וֶועל זֵייא נוּן
צוּ אֵייךְ אַרוֹיסבְּרֶענְגֶען, אוּנְד טְהוּט צוּ
זֵייא וִויא עֶס אִיז גוּט אִין אֵיירֶע אוֹיגֶען,
נָאר צוּ דִיא דָאזִיגֶע מֶענֶער טְהוּט נִיט
קֵיין זַאךְ, וֵוייל זֵייא זֶענֶען גֶעקוּמֶען אִין
דֶעם שָׁאטֶען פוּן מֵיין בַּאלְקֶען׃ 9 אוּנְד
זֵייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט, גֵייא וֵוייטֶער, אוּנְד
זֵייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט דֶער אֵיינֶער אִיז
גֶעקוּמֶען הִיעֶר צוּ וְואוֹינֶען אוּנְד עֶר
טְהוּט שׁוֹין אוּנְס מִשְׁפָּטֶען, אַצוּנְד וֶועלֶען
מִיר דִיר עֶרְגֶער טְהוּן וִויא צוּ זֵייא, אוּנְד
זֵייא הָאבֶּען זֶעהְר גֶעדְרוּנְגֶען אַן דֶעם
מַאן, אַן לוֹט, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶענֶעהְנְט
אוּם דִיא טִיר צוּ צֶערְבְּרֶעכֶען׃ 10 אוּנְד
דִיא מֶענֶער הָאבֶּען אוֹיסְגֶעשְׁטְרֶעקְט זֵייעֶרֶע
הַאנְד, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען לוֹט אַרֵיינְגֶע־
בְּרַאכְט צוּ זִיךְ אִים הוֹיז, אוּנְד זֵייא
הָאבֶּען דִיא טִיר צוּגֶעשְׁלָאסֶען׃ 11 אוּנְד
דִיא מֶענֶער וָואס זֶענֶען גֶעוֶועזֶען פַאר
דֶער טִיר, הָאבֶּען זֵייא גֶעשְׁלָאגֶען מִיט
בְּלִינְדְהֵייט, פוּן קְלֵיין בִּיז גְרוֹיס, אוּנְד
זֵייא זֶענֶען מִיד גֶעוָוארֶען צוּ גֶעפִינֶען
דִיא טִיר׃ 12 אוּנְד דִיא מֶענֶער הָאבֶּען גֶעזָאגְט צוּ לוֹט, וֶועמֶען הָאסְט דוּא נָאךְ דָא?
אַן אֵיידִים אוּנְד דֵיינֶע זִיהְן אוּנְד דֵיינֶע טֶעכְטֶער, אוּנְד אַלֶע וָואס גֶעהֶערֶען צוּ דִיר
אִין שְׁטָאט מַאךְ אַרוֹיסְגֵיין פוּן דֶעם אָרְט׃ 13 וָוארִין מִיר וֶועלֶען פַארְדַארְבֶּען דֶעם
דָאזִיגֶען אָרְט, וָוארִין זֵייעֶר גֶעשְׁרֵייא אִיז גְרוֹיס פַאר גָאט, אוּנְד גָאט הָאט אוּנְס
גֶעשִׁיקְט זִיא צוּ פַארְדַארְבֶּען׃ 14 אוּנְד לוֹט אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען אוּנְד הָאט גֶערֶעט
צוּ זֵיינֶע אֵיידִים, וָואס הָאבֶּען גֶענוּמֶען זֵיינֶע טֶעכְטֶער, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, שְׁטֶעהְט
אוֹיף אוּנְד גֵייט אַרוֹיס פוּן דִיזֶען אָרְט, וָוארִין גָאט פַארְדַארְבְּט דִיא שְׁטָאט, אוּנְד עֶר
אִיז גֶעוֶועזֶען אִין דִיא אוֹיגֶען פוּן זֵיינֶע אֵיידִים וִויא אַ שְׁפֶּעטֶער׃ 15 אוּנְד אַזוֹי בַּאלְד
דֶער מָארְגֶען־שְׁטֶערֶען אִיז אוֹיפְגֶעגַאנְגֶען הָאבֶּען דִיא מַלְאָכִים לוֹט גֶעאֵיילְט אוּנְד
גֶעזָאגְט, שְׁטֶעה אוֹיף אוּנְד נֶעם דֵיין וֵוייבּ אוּנְד דֵיינֶע צְוֵויא טֶעכְטֶער וָואס גֶעפִינֶען
זִיךְ, אַז דוּא זָאלְסְט נִיט אוּמְקוּמֶען וֶועגֶען דֶער זִינְד פוּן דֶער שְׁטָאט׃ 16 אוּנְד וֶוען
עֶר הָאט זִיךְ פֶערְזוֹימְט, הָאבֶּען דִיא מֶענֶער אָנְגֶעגְרִיפֶען אָן זֵיינֶע הַאנְד, אוּנְד אָן דִיא
הַאנְד פוּן זֵיין וֵוייבּ, אוּנְד אָן דִיא הַאנְד פוּן זֵיינֶע צְוֵויא טֶעכְטֶער, דוּרְךְ דִיא בַּארֶעמְ־
הֶערְצִיגְקֵייט פוּן גָאט אוֹיף אִיהְם, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אִיהְם אַרוֹיס גֶעבְּרַאכְט אוּנְד זֵייא
הָאבֶּען אִיהְם גֶעלָאזֶען אוֹיסֶער דֶער שְׁטָאט׃ 17 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען וֶוען זֵייא
הָאבֶּען אִיהְם אַרוֹיסְגֶעבְּרַאכְט דְרוֹיסֶען, אַזוֹי הָאט עֶר גֶעזָאגְט, אַנְטְרִין פַאר דֵיין
לֶעבֶּען! דוּא זָאלְסְט נִיט צוּרִיקבְּלִיקֶען, אוּנְד דוּא זָאלְסְט נִיט שְׁטֶעהְן אִין דֶעם גַאנְצֶען
פְּלוֹין, דוּא זָאלְסְט צוּ דִיא גֶעבֶּערְג אַנְטְלוֹיפֶען, כְּדֵי דוּא זָאלְסְט נִיט אוּמְקוּמֶען׃
18 אוּנְד לוֹט הָאט גֶעזָאגְט צוּ זֵייא, נֵיין, אִיךְ בֶּעט מֵיין הַאר (גָאט)׃ 19 זֶעה, דֵיין
קְנֶעכְט הָאט גֶעפוּנֶען גְנָאד אִין דֵיינֶע אוֹיגֶען, אוּנְד דוּא הָאסְט גְרוֹיס גֶעמַאכְט דֵיינֶע
גְנָאד, אַזוֹי וִויא דוּא הָאסְט צוּ מִיר גֶעטְהוּן, מִיךְ לֶעבֶּען צוּ לָאזֶען, אִיךְ וֶועל נִיט
קֶענֶען אַנְטְרִינֶען צוּ דִיא גֶעבֶּערְג, טָאמֶער וֶועט מִיךְ דָאס אוּמְגְלִיק טְרֶעפֶען אוּנְד אִיךְ
וֶועל שְׁטַארְבֶּען׃ 20 זֶעה, דָא אִיז דִיזֶע שְׁטָאט, זִיא אִיז נָאהֶענְט דָארְט אַהִין צוּ
לוֹיפֶען, אוּנְד זִיא אִיז קְלֵיין, אִיךְ וֶועל נוּן דָארְט אַהִין אַנְטְרִינֶען אַז אִיךְ זָאל
לֶעבֶּען בְּלֵייבֶּען׃ 21 אוּנְד עֶר הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, נוּן, אִיךְ הָאבּ דֵיין
אָנְגֶעזִיכְט אָנְגֶעזֶעהֶען אוֹיךְ אִין דִיזֶע זַאךְ, אַז אִיךְ זָאל נִיט אִיבֶּערְקֶערֶען דִיא

שטאט

22 הָעִיר אֲשֶׁר דִּבַּרְתָּ׃ מַהֵר הִמָּלֵט שָׁמָּה כִּי לֹא אוּכַל
לַעֲשׂוֹת דָּבָר עַד־בֹּאֲךָ שָׁמָּה עַל־כֵּן קָרָא שֵׁם־הָעִיר
23 24 צוֹעַר׃ הַשֶּׁמֶשׁ יָצָא עַל־הָאָרֶץ וְלוֹט בָּא צֹעֲרָה׃ וַיהוָה
הִמְטִיר עַל־סְדֹם וְעַל־עֲמֹרָה גָּפְרִית וָאֵשׁ מֵאֵת יְהוָה מִן־
כה הַשָּׁמָיִם׃ וַיַּהֲפֹךְ אֶת־הֶעָרִים הָאֵל וְאֵת כָּל־הַכִּכָּר וְאֵת
26 כָּל־יֹשְׁבֵי הֶעָרִים וְצֶמַח הָאֲדָמָה׃ וַתַּבֵּט אִשְׁתּוֹ מֵאַחֲרָיו
27 וַתְּהִי נְצִיב מֶלַח׃ וַיַּשְׁכֵּם אַבְרָהָם בַּבֹּקֶר אֶל־הַמָּקוֹם
28 אֲשֶׁר־עָמַד שָׁם אֶת־פְּנֵי יְהוָה׃ וַיַּשְׁקֵף עַל־פְּנֵי סְדֹם
וַעֲמֹרָה וְעַל כָּל־פְּנֵי אֶרֶץ הַכִּכָּר וַיַּרְא וְהִנֵּה עָלָה קִיטֹר
29 הָאָרֶץ כְּקִיטֹר הַכִּבְשָׁן׃ וַיְהִי בְּשַׁחֵת אֱלֹהִים אֶת־עָרֵי
הַכִּכָּר וַיִּזְכֹּר אֱלֹהִים אֶת־אַבְרָהָם וַיְשַׁלַּח אֶת־לוֹט מִתּוֹךְ
ל הַהֲפֵכָה בַּהֲפֹךְ אֶת־הֶעָרִים אֲשֶׁר־יָשַׁב בָּהֵן לוֹט׃ וַיַּעַל
לוֹט מִצּוֹעַר וַיֵּשֶׁב בָּהָר וּשְׁתֵּי בְנֹתָיו עִמּוֹ כִּי יָרֵא לָשֶׁבֶת
31 בְּצוֹעַר וַיֵּשֶׁב בַּמְּעָרָה הוּא וּשְׁתֵּי בְנֹתָיו׃ וַתֹּאמֶר הַבְּכִירָה
אֶל־הַצְּעִירָה אָבִינוּ זָקֵן וְאִישׁ אֵין בָּאָרֶץ לָבוֹא עָלֵינוּ
32 כְּדֶרֶךְ כָּל־הָאָרֶץ׃ לְכָה נַשְׁקֶה אֶת־אָבִינוּ יַיִן וְנִשְׁכְּבָה
33 עִמּוֹ וּנְחַיֶּה מֵאָבִינוּ זָרַע׃ וַתַּשְׁקֶיןָ אֶת־אֲבִיהֶן יַיִן בַּלַּיְלָה
הוּא וַתָּבֹא הַבְּכִירָה וַתִּשְׁכַּב אֶת־אָבִיהָ וְלֹא־יָדַע בְּשִׁכְבָהּ
34 וּבְקוּמָהּ׃ וַיְהִי מִמָּחֳרָת וַתֹּאמֶר הַבְּכִירָה אֶל־הַצְּעִירָה
הֵן־שָׁכַבְתִּי אֶמֶשׁ אֶת־אָבִי נַשְׁקֶנּוּ יַיִן גַּם־הַלַּיְלָה וּבֹאִי
לה שִׁכְבִי עִמּוֹ וּנְחַיֶּה מֵאָבִינוּ זָרַע׃ וַתַּשְׁקֶיןָ גַּם בַּלַּיְלָה הַהוּא
אֶת־אֲבִיהֶן יָיִן וַתָּקָם הַצְּעִירָה וַתִּשְׁכַּב עִמּוֹ וְלֹא־יָדַע
36 37 בְּשִׁכְבָהּ וּבְקֻמָהּ׃ וַתַּהֲרֶיןָ שְׁתֵּי בְנוֹת־לוֹט מֵאֲבִיהֶן׃ וַתֵּלֶד
הַבְּכִירָה בֵּן וַתִּקְרָא שְׁמוֹ מוֹאָב הוּא אֲבִי־מוֹאָב עַד־
38 הַיּוֹם׃ וְהַצְּעִירָה גַם־הִוא יָלְדָה בֵּן וַתִּקְרָא שְׁמוֹ בֶּן־עַמִּי
הוּא אֲבִי בְנֵי־עַמּוֹן עַד־הַיּוֹם׃ ס

שְׁטָאט פוּן וָואס דוּא הָאסְט גֶערֶעט׃
22 אֵייל דִיךְ, עֶנְטְ־רִין דָארְט אַהִין, וָוארִין
אִיךְ קֶען דִיא זַאךְ נִיט טְהוּן בִּיז דוּא
בִּיסְט דָא־ט אַהִין גֶעקוּמֶען, דְרוּם הָאט
עֶר גֶערוּפֶען דֶעם נָאמֶען פוּן דֶער שְׁטָאט
צוֹעַר׃ 23 דִיא זוּן אִיז אוֹיפְגֶעגַאנְגֶען
אוֹיף דֶער עֶרְד, וֶוען לוֹט אִיז אָנְגֶעקוּמֶען
אִין צוֹעַר׃ 24 אוּנְד גָאט הָאט גֶעלָאזְט
רֶעגֶענֶען אִיבֶּער סְדוֹם אוּנְד אִיבֶּער עֲמֹרָה
שְׁוֶועבֶּעל אוּנְד פֵייעֶר, פוּן גָאט פוּם
הִימֶעל׃ 25 אוּנְד עֶר הָאט אִיבֶּערְ־
גֶעקֶערְט דִיא דָאזִיגֶע שְׁטֶעט אוּנְד דֶעם
גַאנְצֶען פְּלוֹין, אוּנְד אַלֶע אֵיינְוְואוֹינֶער
פוּן דִיא שְׁטֶעט, אוּנְד דִיא שְׁפְּרָאצוּנְג
פוּן דִיא עֶרְד׃ 26 אוּנְד זֵיין וַוייבּ הָאט
גֶעקוּקְט הִינְטֶער זִיךְ אוּנְד זִיא אִיז גֶע־
וָוארֶען צוּ אַ זֵייל פוּן זַאלְץ׃ 27 אוּנְד
אַבְרָהָם אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען אִין דֶער
פְרִיה אוּנְד גֶעגַאנְגֶען צוּ דֶעם אָרְט וְואוּ
עֶר אִיז גֶעשְׁטַאנֶען פַאר דֶעם פָּנִים פוּן
גָאט׃ 28 אוּנְד עֶר הָאט גֶעקוּקְט קֶעגֶען
סְדוֹם אוּנְד עֲמֹרָה, אוּנְד אִיבֶּער דֶעם
גַאנְצֶען לַאנְד פוּן פְּלוֹין, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזֶעהֶען אַז דֶער רוֹיךְ פוּן דֶעם לַאנְד
אִיז אוֹיפְגֶעגַאנְגֶען וְויא דֶער רוֹיךְ פוּן אַ קַאלְךְ אוֹיבֶען׃ 29 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען
וֶוען גָאט הָאט פַארְדָארְבֶּען דִיא שְׁטֶעט פוּן דֶעם פְּלוֹין, דָאס גָאט הָאט גֶעדֶענְקְט אָן
אַבְרָהָם אוּנְד עֶר הָאט אַרוֹיסְגֶעשִׁיקְט לוֹט פוּן דֶער אִיבֶּערְקֶערוּנְג, וֶוען עֶר הָאט
אִיבֶּערְגֶעקֶערְט דִיא שְׁטֶעט וָואס לוֹט הָאט אִין זֵייא גֶעוְואוֹינְט׃ 30 אוּנְד לוֹט אִיז
אוֹיפְגֶעגַאנְגֶען פוּן צוֹעַר, אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ בֶּעזֶעצְט אִין דִיא גֶעבֶּערְג, אוּנְד זֵיינֶע
צְווייא טֶעכְטֶער מִיט אִיהְם, וָוארִין עֶר הָאט זִיךְ גֶעפָארְכְטֶען צוּ וְואוֹינֶען אִין צוֹעַר,
אוּנְד עֶר הָאט גֶעוְואוֹינְט אִין אַ הֵייל, עֶר אוּנְד זֵיינֶע צְווייא טֶעכְטֶער׃ 31 אוּנְד דִיא
עֶלְצְטֶע הָאט גֶעזָאגְט צוּ דִיא יוּנְגְסְטֶע, אוּנְזֶער פָאטֶער אִיז אַלְט אוּנְד עֶס אִיז נִיט
פֶערְהַאנְדֶען קֵיין מַאן אִין דֶעם לַאנְד צוּ קוּמֶען צוּ אוּנְס וְויא דֶער שְׁטֵייגֶער פוּן דִיא
גַאנְצֶע וֶועלְט׃ 32 קוּם, לָאמִיר אוּנְזֶער פָאטֶער בֶּעטְרִינְקֶען מִיט וֵויין, אוּנְד מִיר וֶועלֶען
מִיט אִיהְם לִיגֶען אוּנְד פוּן אוּנְזֶער פָאטֶער דֶערְהַאלְטֶען אַ זָאמֶען׃ 33 אוּנְד זֵייא
הָאבֶּען זֵייעֶר פָאטֶער בֶּעטְרוּנְקֶען מִיט וֵויין אִין דֶער דָאזִיגֶער נַאכְט, אוּנְד דִיא עֶלְצְטֶע
אִיז גֶעקוּמֶען אוּנְד אִיז גֶעלֶעגֶען מִיט אִיהְר פָאטֶער, אוּנְד עֶר הָאט נִיט גֶעוְואוּסְט פוּן
אִיהְר נִידֶערְלֵייגֶען אוּנְד פוּן אִיהְר אוֹיפְשְׁטֵיין׃ 34 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אִים אַנְדֶערְן
טָאג, הָאט דִיא עֶלְצְטֶע גֶעזָאגְט צוּ דִיא יוּנְגְסְטֶע, נוּן אִיךְ בִּין נֶעכְטֶען גֶעלֶעגֶען מִיט
מֵיין פָאטֶער, לָאמִיר אִיהְם אוֹיךְ דִיא נַאכְט אָנְטְרִינְקֶען מִיט וֵויין, אוּנְד קוּם לִיג דוּא
מִיט אִיהְם, אוּנְד מִיר וֶועלֶען דֶערְהַאלְטֶען אַ לֶעבֶּען זָאמֶען פוּן אוּנְזֶער פָאטֶער׃
35 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אוֹיךְ אִין דֶער דָאזִיגֶער נַאכְט זֵייעֶר פָאטֶער מִיט וֵויין בֶּע־
טְרוּנְקֶען, אוּנְד דִיא יוּנְגְסְטֶע אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען אוּנְד אִיז מִיט אִיהְם גֶעלֶעגֶען, אוּנְד
עֶר הָאט נִיט גֶעוְואוּסְט פוּן אִיהְר נִידֶערְלֵייגֶען אוּנְד פוּן אִיהְר אוֹיפְשְׁטֵיין׃ 36 אוּנְד
בֵּיידֶע טֶעכְטֶער פוּן לוֹט זֶענֶען טְרָאגֶענְדִיג גֶעוָוארֶען פוּן זֵייעֶר פָאטֶער׃ 37 אוּנְד
דִיא עֶלְצְטֶע הָאט גֶעוְוינֶען אַ זוּהְן, אוּנְד זִיא הָאט גֶערוּפֶען זֵיין נָאמֶען מוֹאָב, עֶר אִיז
דֶער פָאטֶער פוּן מוֹאָב בִּיז הֵיינְט׃ 38 אוּנְד דִיא יוּנְגְסְטֶע, זִיא הָאט אוֹיךְ גֶעוְוינֶען אַ
זוּהְן, אוּנְד זִיא הָאט גֶערוּפֶען זֵיין נָאמֶען בֶּן־עַמִּי, עֶר אִיז דֶער פָאטֶער פוּן דִיא בְּנֵי־
עַמּוֹן בִּיז הֵיינְט׃

כ

כ

א וַיִּסַּע מִשָּׁם אַבְרָהָם אַרְצָה הַנֶּגֶב וַיֵּשֶׁב בֵּין־קָדֵשׁ וּבֵין
2 שׁוּר וַיָּגָר בִּגְרָר׃ וַיֹּאמֶר אַבְרָהָם אֶל־שָׂרָה אִשְׁתּוֹ אֲחֹתִי
3 הִוא וַיִּשְׁלַח אֲבִימֶלֶךְ מֶלֶךְ גְּרָר וַיִּקַּח אֶת־שָׂרָה׃ וַיָּבֹא
אֱלֹהִים אֶל־אֲבִימֶלֶךְ בַּחֲלוֹם הַלָּיְלָה וַיֹּאמֶר לוֹ הִנְּךָ מֵת
4 עַל־הָאִשָּׁה אֲשֶׁר־לָקַחְתָּ וְהִוא בְּעֻלַת בָּעַל׃ וַאֲבִימֶלֶךְ
ה לֹא קָרַב אֵלֶיהָ וַיֹּאמַר אֲדֹנָי הֲגוֹי גַּם־צַדִּיק תַּהֲרֹג׃ הֲלֹא
הוּא אָמַר־לִי אֲחֹתִי הִוא וְהִיא־גַם־הִוא אָמְרָה אָחִי הוּא
6 בְּתָם־לְבָבִי וּבְנִקְיֹן כַּפַּי עָשִׂיתִי זֹאת׃ וַיֹּאמֶר אֵלָיו הָאֱלֹהִים
בַּחֲלֹם גַּם אָנֹכִי יָדַעְתִּי כִּי בְתָם־לְבָבְךָ עָשִׂיתָ זֹּאת וָאֶחְשֹׂךְ
גַּם־אָנֹכִי אוֹתְךָ מֵחֲטוֹ־לִי עַל־כֵּן לֹא־נְתַתִּיךָ לִנְגֹּעַ אֵלֶיהָ׃
7 וְעַתָּה הָשֵׁב אֵשֶׁת־הָאִישׁ כִּי־נָבִיא הוּא וְיִתְפַּלֵּל בַּעַדְךָ
וֶחְיֵה וְאִם־אֵינְךָ מֵשִׁיב דַּע כִּי־מוֹת תָּמוּת אַתָּה וְכָל־אֲשֶׁר־
8 לָךְ׃ וַיַּשְׁכֵּם אֲבִימֶלֶךְ בַּבֹּקֶר וַיִּקְרָא לְכָל־עֲבָדָיו וַיְדַבֵּר
אֶת־כָּל־הַדְּבָרִים הָאֵלֶּה בְּאָזְנֵיהֶם וַיִּירְאוּ הָאֲנָשִׁים מְאֹד׃
9 וַיִּקְרָא אֲבִימֶלֶךְ לְאַבְרָהָם וַיֹּאמֶר לוֹ מֶה־עָשִׂיתָ לָּנוּ וּמֶה־
חָטָאתִי לָךְ כִּי־הֵבֵאתָ עָלַי וְעַל־מַמְלַכְתִּי חֲטָאָה גְדֹלָה
י מַעֲשִׂים אֲשֶׁר לֹא־יֵעָשׂוּ עָשִׂיתָ עִמָּדִי׃ וַיֹּאמֶר אֲבִימֶלֶךְ
11 אֶל־אַבְרָהָם מָה רָאִיתָ כִּי עָשִׂיתָ אֶת־הַדָּבָר הַזֶּה׃ וַיֹּאמֶר
אַבְרָהָם כִּי אָמַרְתִּי רַק אֵין־יִרְאַת אֱלֹהִים בַּמָּקוֹם הַזֶּה
12 וַהֲרָגוּנִי עַל־דְּבַר אִשְׁתִּי׃ וְגַם־אָמְנָה אֲחֹתִי בַת־אָבִי הִוא
13 אַךְ לֹא בַת־אִמִּי וַתְּהִי־לִי לְאִשָּׁה׃ וַיְהִי כַּאֲשֶׁר הִתְעוּ
אֹתִי אֱלֹהִים מִבֵּית אָבִי וָאֹמַר לָהּ זֶה חַסְדֵּךְ אֲשֶׁר תַּעֲשִׂי
עִמָּדִי אֶל כָּל־הַמָּקוֹם אֲשֶׁר נָבוֹא שָׁמָּה אִמְרִי־לִי אָחִי
14 הוּא׃ וַיִּקַּח אֲבִימֶלֶךְ צֹאן וּבָקָר וַעֲבָדִים וּשְׁפָחֹת וַיִּתֵּן
טו לְאַבְרָהָם וַיָּשֶׁב לוֹ אֵת שָׂרָה אִשְׁתּוֹ׃ וַיֹּאמֶר אֲבִימֶלֶךְ
16 הִנֵּה אַרְצִי לְפָנֶיךָ בַּטּוֹב בְּעֵינֶיךָ שֵׁב׃ וּלְשָׂרָה אָמַר

קאפיטעל כ

1 אוּנְד אַבְרָהָם הָאט אַוֶועקְגֶעצוֹיגֶען פוּן דָארְטֶען צוּ דֶעם לַאנְד פוּן דָרוֹם, אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ בֶּעזֶעצְט צְווִישֶׁען קָדֵשׁ אוּנְד צְווִישֶׁען שׁוּר, אוּנְד עֶר הָאט גֶעוְואוֹינְט אִין גְּרָר׃ 2 אוּנְד אַבְרָהָם הָאט גֶעזָאגְט וֶועגֶען זַיין וַוייבּ שָׂרָה זִיא אִיז מֵיינֶע שְׁוֶועסְטֶער, אוּנְד אֲבִימֶלֶךְ דֶער קֶעניג פוּן גְּרָר הָאט גֶעשִׁיקְט אוּנְד הָאט שָׂרָה גֶענוּמֶען׃ 3 אוּנְד גָאט אִיז גֶעקוּמֶען צוּ אֲבִימֶלֶךְ אִין חָלוֹם בֵּייא דֶער נַאכְט, אוּנְד הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, דוּא וֶועסְט שְׁטַארְבֶּען פוּן וֶועגֶען דֶעם וַוייבּ וָואס דוּא הָאסְט צוּ דִיר גֶענוּמֶען, דֶען זִיא הָאט אַ מַאן׃ 4 אוּנְד אֲבִימֶלֶךְ הָאט צוּ אִיהְר נָאךְ נִיט גֶענֶעהֶנְט, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, הַאר (גָאט) וִוילְסְט דוּא דֶען אוֹיךְ אַיין גֶערֶעכְט פָאלְק דֶערְשְׁלָאגֶען? 5 הָאט עֶר נִיט צוּ מִיר גֶעזָאגְט זִיא אִיז מֵיינֶע שְׁוֶועסְטֶער? אוּנְד זִיא אוֹיךְ, זִיא הָאט גֶעזָאגְט עֶר אִיז מֵיין בְּרוּדֶער, אִין אוֹיפְרִיכְטִיגְקֵייט פוּן מֵיין הַארְץ אוּנְד מִיט רֵיינֶע הֶענְד הָאבּ אִיךְ עֶס גֶעטְהוּן׃ 6 אוּנְד גָאט הָאט גֶעזָאגְט צוּ אִיהְם אִין דֶעם חָלוֹם, אִיךְ ווֵייס אוֹיךְ אַז אִין אוֹיפְרִיכְטִיגְקֵייט פוּן דֵיין הַארְץ הָאסְט דוּא דָאס גֶעטְהוּן, אוּנְד אִיךְ אוֹיךְ, הָאבּ דִיךְ פֶערְמִיטֶען פוּן צוּ זִינְדִיגֶען קֶעגֶען מִיר, דְרוּם הָאבּ אִיךְ דִיךְ נִיט צוּגֶעלָאזְט זִיא אָנְצוּרִירֶען׃ 7 אוּנְד אַצוּנְד גִיבּ צוּרִיק דָאס ווֵייבּ פוּן דֶעם מַאן, דֶען עֶר אִיז אַ נָבִיא, אוּנְד עֶר וֶועט פוּן דֵיינֶעט וֶועגֶען בֶּעטֶען, אוּנְד דוּא וֶועסְט לֶעבֶּען. וֶוען דוּא וֶועסְט זִיא אָבֶּער נִיט צוּרִיק גֶעבֶּען, אַזוֹי ווֵייס אַז דוּא וֶועסְט זִיכֶער שְׁטַארְבֶּען, דוּא אוּנְד אַלֶע דֵיינֶע׃ 8 אוּנְד אֲבִימֶלֶךְ אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען פְרִיה אִין דֶעם מָארְגֶען, אוּנְד עֶר הָאט גֶערוּפֶען אַלֶע זֵיינֶע קְנֶעכְט, אוּנְד הָאט גֶערֶעט אִין זֵיירֶע אוֹירֶען אַלֶע דִיא דָאזִיגֶע וֶוערְטֶער, אוּנְד דִיא מֶענֶער הָאבֶּען זִיךְ זֶעהְר גֶעפָארְכְטֶען׃ 9 אוּנְד אֲבִימֶלֶךְ הָאט גֶערוּפֶען צוּ אַבְרָהָם אוּנְד הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, וָואס הָאסְט דוּא גֶעטְהוּן צוּ אוּנְס, אוּנְד וָואס הָאבּ אִיךְ גֶעזִינְדִיגְט קֶעגֶען דִיר, אַז דוּא הָאסְט גֶעבְּרַאכְט אִיבֶּער מִיר אוּנְד אִיבֶּער מֵיין קֶענִיגְרֵייךְ אַ גְרוֹיסֶע זִינְד? וֶוערְקֶע (מַעֲשִׂים) וָואס דַארְפֶען נִיט גֶעטְהוּן וֶוערֶען הָאסְט דוּא מִיט מִיר גֶעטְהוּן׃ 10 אוּנְד אֲבִימֶלֶךְ הָאט גֶעזָאגְט צוּ אַבְרָהָם, וָואס הָאסְט דוּא גֶעזֶעהֶען אַז דוּא הָאסְט גֶעטְהוּן דִיא דָאזִיגֶע זַאךְ? 11 אוּנְד אַבְרָהָם הָאט גֶעזָאגְט, דֶען אִיךְ הָאבּ נוּר גֶעדַאכְט אַז עֶס אִיז אִין דִיזֶען אָרְט קֵיינֶע גָאטֶעס־פוּרְכְט, אוּנְד זֵייא וֶועלֶען מִיךְ הַרְגֶ'נֶען וֶועגֶען מֵיין ווֵייבּ׃ 12 אוּנְד זִיא אִיז אוֹיךְ בְּאֶמֶת מֵיינֶע שְׁוֶועסְטֶער, מֵיין פָאטֶער'ס טָאכְטֶער אָבֶּער זִיא אִיז נִיט דִיא טָאכְטֶער פוּן מֵיינֶע מוּטֶער, אוּנְד זִיא אִיז גֶעוָוארֶען מֵיין ווֵייבּ׃ 13 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען וֶוען גָאט הָאט מִיךְ גֶעמַאכְט אַוֶועק וַואנְדֶערְן פוּן מֵיין פָאטֶער'ס הוֹיזְגֶעזִינְד, הָאבּ אִיךְ צוּ אִיהְר גֶעזָאגְט, דָאס זָאל זֵיין דִיא גְנָאד וָואס דוּא זָאלְסְט מִיט מִיר טְהוּן, צוּ יֶעדֶען אָרְט וְואוּ מִיר וֶועלֶען אַהִין קוּמֶען, זָאג וֶועגֶען מִיר אַז עֶר אִיז מֵיין בְּרוּדֶער׃ 14 אוּנְד אֲבִימֶלֶךְ הָאט גֶענוּמֶען שָׁאף אוּנְד רִינְדֶער אוּנְד קְנֶעכְט אוּנְד דִינְסְטֶען אוּנְד הָאט גֶעגֶעבֶּען צוּ אַבְרָהָם, אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם צוּרִיק גֶעגֶעבֶּען שָׂרָה זֵיין ווֵייבּ׃ 15 אוּנְד אֲבִימֶלֶךְ הָאט גֶעזָאגְט, זֶעה, מֵיין לַאנְד אִיז פַאר דִיר, וְואוֹין וְואוּ עֶס אִיז גוּט אִין דֵיינֶע אוֹיגֶען׃ 16 אוּנְד צוּ שָׂרָה הָאט עֶר גֶעזָאגְט,

9 עַמָּיו׃ וַיִּקְבְּרוּ אֹתוֹ יִצְחָק וְיִשְׁמָעֵאל בָּנָיו אֶל־מְעָרַת הַמַּכְפֵּלָה
אֶל־שְׂדֵה עֶפְרֹן בֶּן־צֹחַר הַחִתִּי אֲשֶׁר עַל־פְּנֵי מַמְרֵא׃
י הַשָּׂדֶה אֲשֶׁר־קָנָה אַבְרָהָם מֵאֵת בְּנֵי־חֵת שָׁמָּה קֻבַּר
11 אַבְרָהָם וְשָׂרָה אִשְׁתּוֹ׃ וַיְהִי אַחֲרֵי מוֹת אַבְרָהָם וַיְבָרֶךְ
אֱלֹהִים אֶת־יִצְחָק בְּנוֹ וַיֵּשֶׁב יִצְחָק עִם־בְּאֵר לַחַי רֹאִי׃ פ
12 וְאֵלֶּה תֹּלְדֹת יִשְׁמָעֵאל בֶּן־אַבְרָהָם אֲשֶׁר יָלְדָה הָגָר
13 הַמִּצְרִית שִׁפְחַת שָׂרָה לְאַבְרָהָם׃ וְאֵלֶּה שְׁמוֹת בְּנֵי
יִשְׁמָעֵאל בִּשְׁמֹתָם לְתוֹלְדֹתָם בְּכֹר יִשְׁמָעֵאל נְבָיֹת וְקֵדָר
14 טו וְאַדְבְּאֵל וּמִבְשָׂם׃ וּמִשְׁמָע וְדוּמָה וּמַשָּׂא׃ חֲדַד וְתֵימָא
16 יְטוּר נָפִישׁ וָקֵדְמָה׃ אֵלֶּה הֵם בְּנֵי יִשְׁמָעֵאל וְאֵלֶּה שְׁמֹתָם
17 בְּחַצְרֵיהֶם וּבְטִירֹתָם שְׁנֵים־עָשָׂר נְשִׂיאִם לְאֻמֹּתָם׃ וְאֵלֶּה
שְׁנֵי חַיֵּי יִשְׁמָעֵאל מְאַת שָׁנָה וּשְׁלֹשִׁים שָׁנָה וְשֶׁבַע שָׁנִים
18 וַיִּגְוַע וַיָּמָת וַיֵּאָסֶף אֶל־עַמָּיו׃ וַיִּשְׁכְּנוּ מֵחֲוִילָה עַד־שׁוּר
אֲשֶׁר עַל־פְּנֵי מִצְרַיִם בֹּאֲכָה אַשּׁוּרָה עַל־פְּנֵי כָל־אֶחָיו נָפָל׃

פ פ פ ו

19 וְאֵלֶּה תּוֹלְדֹת יִצְחָק בֶּן־אַבְרָהָם אַבְרָהָם הוֹלִיד אֶת־
כ יִצְחָק׃ וַיְהִי יִצְחָק בֶּן־אַרְבָּעִים שָׁנָה בְּקַחְתּוֹ אֶת־רִבְקָה
בַּת־בְּתוּאֵל הָאֲרַמִּי מִפַּדַּן אֲרָם אֲחוֹת לָבָן הָאֲרַמִּי לוֹ
21 לְאִשָּׁה׃ וַיֶּעְתַּר יִצְחָק לַיהוָה לְנֹכַח אִשְׁתּוֹ כִּי עֲקָרָה
22 הִוא וַיֵּעָתֶר לוֹ יְהוָה וַתַּהַר רִבְקָה אִשְׁתּוֹ׃ וַיִּתְרֹצֲצוּ
הַבָּנִים בְּקִרְבָּהּ וַתֹּאמֶר אִם־כֵּן לָמָּה זֶּה אָנֹכִי וַתֵּלֶךְ לִדְרֹשׁ
23 אֶת־יְהוָה׃ וַיֹּאמֶר יְהוָה לָהּ שְׁנֵי גֹיִים בְּבִטְנֵךְ וּשְׁנֵי
לְאֻמִּים מִמֵּעַיִךְ יִפָּרֵדוּ וּלְאֹם מִלְאֹם יֶאֱמָץ וְרַב יַעֲבֹד
24 כה צָעִיר׃ וַיִּמְלְאוּ יָמֶיהָ לָלֶדֶת וְהִנֵּה תוֹמִם בְּבִטְנָהּ׃ וַיֵּצֵא
הָרִאשׁוֹן אַדְמוֹנִי כֻּלּוֹ כְּאַדֶּרֶת שֵׂעָר וַיִּקְרְאוּ שְׁמוֹ עֵשָׂו׃
26 וְאַחֲרֵי־כֵן יָצָא אָחִיו וְיָדוֹ אֹחֶזֶת בַּעֲקֵב עֵשָׂו וַיִּקְרָא
27 שְׁמוֹ יַעֲקֹב וְיִצְחָק בֶּן־שִׁשִּׁים שָׁנָה בְּלֶדֶת אֹתָם׃ וַיִּגְדְּלוּ

פאלק: 9 אונד יצחק אונד ישמעאל זיינע זיהן האבען איהם בעגראבען, אין דער הייל מכפלה, אויף דעם פעלד פון עפרון, זוהן פון צוחר דעם חתי, וואס איז פאר ממרא: 10 דאס פעלד וואס אברהם האט געקויפט פון די קינדער פון חת, דארט זענען בעגראבען געווארען אברהם אונד שרה זיין ווייב: 11 אונד עס איז געוועזען נאך דעם טויט פון אברהם, דאס גאט האט געבענשט זיין זוהן יצחק. אונד יצחק האט געוואוינט ביי דעם ברונען לחי ראי:

12 אונד דיזע זענען די געשלעכטער פון ישמעאל דער זוהן פון אברהם וואס הגר די מצרית די דינסט פון שרה האט געווינען צו אברהם: 13 אונד דיזע זענען די נעמען פון די קינדער פון ישמעאל, מיט זיירע נעמען, נאך זיירע געשלעכטער, דער ערשט־געבוירענער פון ישמעאל איז נביות, אונד קדר, אדבאל אונד מבשם: 14 אונד משמע, אונד דומה, אונד משא: 15 חדד אונד תימה, יטור נפיש אונד קדמה: 16 דיזע זענען די קינדער פון ישמעאל, אונד דיזע זענען זיירע נעמען אין זיירע הויפער אונד אין זיירע פאלאסטען, צוועלף פירשטען נאך זיירע פעלקער: 17 אונד דיזע זענען די יאהרען פון דעם לעבען פון ישמעאל, הונדערט אונד זיבען אונד דרייסיג יאהר, אונד ער איז פערגאנגען (געשטארבען), אונד ער איז איינגעזאמעלט געווארען צו זיין פאלק: 18 אונד זייא האבען געוואוינט פון חוילה ביז שור, וואס איז פאר מצרים וואו דוא קומסט קיין אשור, פאר אלע זיינע ברידער האט ער זיך בעזעצט:

## תולדת

19 אונד דיזע זענען די געשלעכטער פון יצחק דער זוהן פון אברהם, אברהם האט געבוירען יצחק: 20 אונד יצחק איז אלט געוועזען פירציג יאהר ווען ער האט גענומען רבקה, די טאכטער פון בתואל דעם ארמי, פון פדן ארם, די שוועסטער פון לבן ארמי, צו זיך פאר א ווייב: 21 אונד יצחק האט געבעטען צו גאט פאר זיין ווייב, וואָרין זיא איז געוועזען איינע עקרה, אונד גאט האט אנגענומען זיין געבעט, אונד רבקה האט געטראגען: 22 אונד די קינדער האבען זיך געשטויסען אין איהר. אונד זיא האט געזאגט, ווען עס איז אזוי פארוואס בין איך אזוי? אונד זיא איז געגאנגען צו פארשען פון גאט: 23 אונד גאט האט צו איהר געזאגט, צוויא פעלקער זענען אין דיין בויך, אונד צוויא נאציאנען פון דיינע געדערעם וועלען אפגעטיילט ווערען, אונד איין פאלק וועט פון דעם אנדערען שטארקער זיין, אונד דער עלטערער וועט דינען דעם יונגערען: 24 אונד ווען איהרע טעג זענען דערפילט געווארען צו געווינען, אונד זעה א צווילינג איז געוועזען אין איהר בויך: 25 אונד דער ערשטער איז ארויסגעגאנגען א רויטער, אים גאנצען וויא א האריגער מאנטעל, אונד זייא האבען זיין נאמען גערופען עשו: 26 אונד דערנאך איז זיין ברודער ארויסגעגאנגען, אונד האט זיינע האנד געהאלטען אן דעם פערשט (טריט) פון עשו, אונד מען האט גערופען זיין נאמען יעקב. אונד יצחק איז אלט געוועזען זעכציג יאהר, ווען ער האט זייא געבוירען: 27 אונד די יונגען זענען גרויס געווארען.

הַנְּעָרִים וַיְהִי עֵשָׂו אִישׁ יֹדֵעַ צַיִד אִישׁ שָׂדֶה וְיַעֲקֹב אִישׁ
28 תָּם יֹשֵׁב אֹהָלִים: וַיֶּאֱהַב יִצְחָק אֶת־עֵשָׂו כִּי־צַיִד בְּפִיו
29 וְרִבְקָה אֹהֶבֶת אֶת־יַעֲקֹב: וַיָּזֶד יַעֲקֹב נָזִיד וַיָּבֹא עֵשָׂו
ל מִן־הַשָּׂדֶה וְהוּא עָיֵף: וַיֹּאמֶר עֵשָׂו אֶל־יַעֲקֹב הַלְעִיטֵנִי
נָא מִן־הָאָדֹם הָאָדֹם הַזֶּה כִּי עָיֵף אָנֹכִי עַל־כֵּן קָרָא־
31 שְׁמוֹ אֱדוֹם: וַיֹּאמֶר יַעֲקֹב מִכְרָה כַיּוֹם אֶת־בְּכֹרָתְךָ לִי:
32 וַיֹּאמֶר עֵשָׂו הִנֵּה אָנֹכִי הוֹלֵךְ לָמוּת וְלָמָּה־זֶּה לִי בְּכֹרָה:
33 וַיֹּאמֶר יַעֲקֹב הִשָּׁבְעָה לִּי כַּיּוֹם וַיִּשָּׁבַע לוֹ וַיִּמְכֹּר אֶת־
34 בְּכֹרָתוֹ לְיַעֲקֹב: וְיַעֲקֹב נָתַן לְעֵשָׂו לֶחֶם וּנְזִיד עֲדָשִׁים
וַיֹּאכַל וַיֵּשְׁתְּ וַיָּקָם וַיֵּלַךְ וַיִּבֶז עֵשָׂו אֶת־הַבְּכֹרָה: פ

## כו כו

א וַיְהִי רָעָב בָּאָרֶץ מִלְּבַד הָרָעָב הָרִאשׁוֹן אֲשֶׁר הָיָה בִּימֵי
אַבְרָהָם וַיֵּלֶךְ יִצְחָק אֶל־אֲבִימֶלֶךְ מֶלֶךְ־פְּלִשְׁתִּים גְּרָרָה:
2 וַיֵּרָא אֵלָיו יְהוָה וַיֹּאמֶר אַל־תֵּרֵד מִצְרָיְמָה שְׁכֹן בָּאָרֶץ
3 אֲשֶׁר אֹמַר אֵלֶיךָ: גּוּר בָּאָרֶץ הַזֹּאת וְאֶהְיֶה עִמְּךָ וַאֲבָרְכֶךָּ
כִּי־לְךָ וּלְזַרְעֲךָ אֶתֵּן אֶת־כָּל־הָאֲרָצֹת הָאֵל וַהֲקִמֹתִי אֶת־
4 הַשְּׁבֻעָה אֲשֶׁר נִשְׁבַּעְתִּי לְאַבְרָהָם אָבִיךָ: וְהִרְבֵּיתִי אֶת־
זַרְעֲךָ כְּכוֹכְבֵי הַשָּׁמַיִם וְנָתַתִּי לְזַרְעֲךָ אֵת כָּל־הָאֲרָצֹת
ה הָאֵל וְהִתְבָּרְכוּ בְזַרְעֲךָ כֹּל גּוֹיֵי הָאָרֶץ: עֵקֶב אֲשֶׁר־שָׁמַע
אַבְרָהָם בְּקֹלִי וַיִּשְׁמֹר מִשְׁמַרְתִּי מִצְוֹתַי חֻקּוֹתַי וְתוֹרֹתָי:
6 7 וַיֵּשֶׁב יִצְחָק בִּגְרָר: וַיִּשְׁאֲלוּ אַנְשֵׁי הַמָּקוֹם לְאִשְׁתּוֹ וַיֹּאמֶר
אֲחֹתִי הִוא כִּי יָרֵא לֵאמֹר אִשְׁתִּי פֶּן־יַהַרְגֻנִי אַנְשֵׁי הַמָּקוֹם
8 עַל־רִבְקָה כִּי־טוֹבַת מַרְאֶה הִוא: וַיְהִי כִּי אָרְכוּ־לוֹ שָׁם
הַיָּמִים וַיַּשְׁקֵף אֲבִימֶלֶךְ מֶלֶךְ פְּלִשְׁתִּים בְּעַד הַחַלּוֹן וַיַּרְא
9 וְהִנֵּה יִצְחָק מְצַחֵק אֵת רִבְקָה אִשְׁתּוֹ: וַיִּקְרָא אֲבִימֶלֶךְ
לְיִצְחָק וַיֹּאמֶר אַךְ הִנֵּה אִשְׁתְּךָ הִוא וְאֵיךְ אָמַרְתָּ אֲחֹתִי
הִוא וַיֹּאמֶר אֵלָיו יִצְחָק כִּי אָמַרְתִּי פֶּן־אָמוּת עָלֶיהָ:

אונד עשׂו איז געװעזען אַ מאַן װאָס האָט פערשטאַנען צו יאָגען, אַ פעלד־מאַן, אונד יעקב איז געװעזען איין אויפריכטיגער מאַן, ער האָט געװאוינט אין געצעלטען: 28 אונד יצחק האָט ליעב געהאַט עשׂו, װאָרין געיאָגטעס איז געװעזען אין זיין מויל, אָבער רבקה האָט ליעב געהאַט יעקב: 29 אונד יעקב האָט געקאָכט אַ געקעכץ, אונד עשׂו איז געקומען פון דעם פעלד אונד ער איז געװעזען מיד: 30 אונד עשׂו האָט געזאָגט צו יעקב לאָז מיך פאַרזוכען (זופּען) פון דעם רויטען, װאָרין איך בין מיד, דאַריבער האָט מען זיין נאָמען גערופען אֱדוֹם (רויט): 31 אונד יעקב האָט געזאָגט, פערקויף מיר היינט דיינע בכוֹרה: 32 אונד עשׂו האָט געזאָגט, זעה, איך גייא צום שטאַרבען, אונד צו װאָס טויג מיר דיא בכוֹרה: 33 אונד יעקב האָט געזאָגט, שװער מיר היינט, אונד ער האָט צו איהם געשװאוירען, אונד ער האָט פערקויפט זיינע בכוֹרה צו יעקב: 34 אונד יעקב האָט געגעבען צו עשׂו ברויט אונד אַ געקעכץ פון לינזען, אונד ער האָט געגעסען אונד געטרונקען, אונד ער איז אַװעקגעגאַנגען. אונד עשׂו האָט מבזה געװעזען דיא בכוֹרה:

## קאפיטעל כו

1 אונד עס איז געװעזען אַ הונגער אין דעם לאַנד, חוץ דעם ערשטען הונגער װאָס איז געװעזען אין דיא טעג פון אַבְרָהָם, אונד יִצְחָק איז געגאַנגען צו אֲבִימֶלֶךְ, קעניג פון פְּלִשְׁתִּים, קיין גְרָר: 2 אונד גאָט האָט זיך צו איהם באַװיזען, אונד ער האָט געזאָגט, דו זאָלסט ניט אַראָפּגיין קיין מִצְרַיִם, װאוין אין דעם לאַנד װאָס איך װעל דיר זאָגען: 3 װאוין אין דיזעם לאַנד, אונד איך װעל זיין מיט דיר, אונד איך װעל דיך בענשען, װאָרין צו דיר אונד צו דיין זאָמען װעל איך געבען אַלע דיזע לענדער, אונד איך װעל בעשטעטיגען דיא שבועה, װאָס איך האָב געשװאוירען צו אַבְרָהָם דיין פאָטער: 4 אונד איך װעל מעהרען דיין זאָמען אַזוֹי װיא דיא שטערען פון דעם הימעל, אונד איך װעל געבען צו דיין זאָמען אַלע דיזע לענדער, אונד אין דיין זאָמען װעלען זיך בענשען אַלע פעלקער פון דער ערד: 5 װייל אַבְרָהָם האָט געהערט צו מיין קוֹל, אונד ער האָט געהיט מיינע בעפעהלע מיינע מִצְוֹת, מיינע געזעץ אונד מיינע לעהרע: 6 אונד יִצְחָק האָט געװאוינט אין גְרָר: 7 אונד דיא לייט פון דעם אָרט האָבען איהם געפרעגט װעגען זיין װייב, אונד ער האָט געזאָגט, זיא איז מיינע שװעסטער, װאָרין ער האָט מוֹרא געהאַט צו זאָגען (זיא איז) מיין װייב, טאָמער װעלען מיך דיא לייט פון דעם אָרט הארגִ'נען װעגען רִבְקָה, װאָרין זיא איז זעהר שעהן געװעזען: 8 אונד עס איז געװעזען װען ער האָט זיך דאָרט לאַנג אויפגעהאַלטען, אונד אֲבִימֶלֶךְ דער קעניג פון דיא פְּלִשְׁתִּים האָט אַריינגעקוקט דורך דאָס פענסטער, אונד ער האָט געזעהען, אַז יִצְחָק האָט זיך געשפּילט מיט רִבְקָה זיין װייב: 9 אַזוֹי האָט אֲבִימֶלֶךְ גערופען יִצְחָק אונד האָט געזאָגט, זעה, זיא איז דאָך דיין װייב, אונד װיא אַזוֹי האָסט דו געזאָגט זיא איז מיינע שװעסטער, אונד יִצְחָק האָט צו איהם געזאָגט, װייל איך האָב געדאַכט, טאָמער װעל איך שטאַרבען פון איהרעט װעגען:

10 אונד אבימלך האט געזאגט, וואס איז
דאס וואס דוא האסט צו אונס געטהון,
וויא באלד העט איינער פון דעם פאלק
געלעגען מיט דיין ווייב, אונד דוא
וואלסט געבראכט אויף אונס א זינד:
11 אונד אבימלך האט בעפוילען דעם
גאנצען פאלק אונד האט געזאגט, ווער
עס וועט דיזען מאן אונד זיין ווייב
אנרירען, דער זאל געווים שטארבען:
12 אונד יצחק האט געזייעט אין דעמ־
זעלבען לאנד, אונד ער האט געפונען
אין דעמזעלבען יאהר הונדערט מאס,
אונד גאט האט איהם געבענשט: 13 אונד
דער מאן איז רייך געווארען, אונד ער
איז אימער גרעסער געווארען, ביז ער
איז זעהר רייך געווארען: 14 אונד עס
איז צו איהם געוועזען פיך פון שאף
אונד פיך פון רינדער אונד א גרויסע
ארבייטס־קראפט, אונד דיא פלשתים
האבען איהם מקנא געוועזען: 15 אונד
אלע ברונען וואס דיא קנעכט
פון זיין פאטער האבען געגראבען,
אין דיא טעג פון אברהם זיין פאטער
האבען דיא פלשתים פארשטאפט, אונד
זייא האבען זייא מיט ערד אנגעפילט:

וַיֹּאמֶר אֲבִימֶלֶךְ מַה־זֹּאת עָשִׂיתָ לָּנוּ כִּמְעַט שָׁכַב אַחַד י
הָעָם אֶת־אִשְׁתֶּךָ וְהֵבֵאתָ עָלֵינוּ אָשָׁם׃ וַיְצַו אֲבִימֶלֶךְ אֶת־ 11
כָּל־הָעָם לֵאמֹר הַנֹּגֵעַ בָּאִישׁ הַזֶּה וּבְאִשְׁתּוֹ מוֹת יוּמָת׃
וַיִּזְרַע יִצְחָק בָּאָרֶץ הַהִוא וַיִּמְצָא בַּשָּׁנָה הַהִוא מֵאָה 12
שְׁעָרִים וַיְבָרְכֵהוּ יְהוָה׃ וַיִּגְדַּל הָאִישׁ וַיֵּלֶךְ הָלוֹךְ וְגָדֵל 13
עַד כִּי־גָדַל מְאֹד׃ וַיְהִי־לוֹ מִקְנֵה־צֹאן וּמִקְנֵה בָקָר וַעֲבֻדָּה 14
רַבָּה וַיְקַנְאוּ אֹתוֹ פְּלִשְׁתִּים׃ וְכָל־הַבְּאֵרֹת אֲשֶׁר חָפְרוּ טו
עַבְדֵי אָבִיו בִּימֵי אַבְרָהָם אָבִיו סִתְּמוּם פְּלִשְׁתִּים
וַיְמַלְאוּם עָפָר׃ וַיֹּאמֶר אֲבִימֶלֶךְ אֶל־יִצְחָק לֵךְ מֵעִמָּנוּ 16
כִּי־עָצַמְתָּ מִמֶּנּוּ מְאֹד׃ וַיֵּלֶךְ מִשָּׁם יִצְחָק וַיִּחַן בְּנַחַל־גְּרָר 17
וַיֵּשֶׁב שָׁם׃ וַיָּשָׁב יִצְחָק וַיַּחְפֹּר ׀ אֶת־בְּאֵרֹת הַמַּיִם אֲשֶׁר 18
חָפְרוּ בִּימֵי אַבְרָהָם אָבִיו וַיְסַתְּמוּם פְּלִשְׁתִּים אַחֲרֵי מוֹת
אַבְרָהָם וַיִּקְרָא לָהֶן שֵׁמוֹת כַּשֵּׁמֹת אֲשֶׁר־קָרָא לָהֶן אָבִיו׃
וַיַּחְפְּרוּ עַבְדֵי־יִצְחָק בַּנָּחַל וַיִּמְצְאוּ־שָׁם בְּאֵר מַיִם חַיִּים׃ 19
וַיָּרִיבוּ רֹעֵי גְרָר עִם־רֹעֵי יִצְחָק לֵאמֹר לָנוּ הַמָּיִם וַיִּקְרָא כ
שֵׁם־הַבְּאֵר עֵשֶׂק כִּי הִתְעַשְּׂקוּ עִמּוֹ׃ וַיַּחְפְּרוּ בְּאֵר אַחֶרֶת 21
וַיָּרִיבוּ גַּם־עָלֶיהָ וַיִּקְרָא שְׁמָהּ שִׂטְנָה׃ וַיַּעְתֵּק מִשָּׁם 22
וַיַּחְפֹּר בְּאֵר אַחֶרֶת וְלֹא רָבוּ עָלֶיהָ וַיִּקְרָא שְׁמָהּ רְחֹבוֹת
וַיֹּאמֶר כִּי־עַתָּה הִרְחִיב יְהוָה לָנוּ וּפָרִינוּ בָאָרֶץ׃ וַיַּעַל 23
מִשָּׁם בְּאֵר שָׁבַע׃ וַיֵּרָא אֵלָיו יְהוָה בַּלַּיְלָה הַהוּא וַיֹּאמֶר 24
אָנֹכִי אֱלֹהֵי אַבְרָהָם אָבִיךָ אַל־תִּירָא כִּי־אִתְּךָ אָנֹכִי
וּבֵרַכְתִּיךָ וְהִרְבֵּיתִי אֶת־זַרְעֲךָ בַּעֲבוּר אַבְרָהָם עַבְדִּי׃
וַיִּבֶן שָׁם מִזְבֵּחַ וַיִּקְרָא בְּשֵׁם יְהוָה וַיֶּט־שָׁם אָהֳלוֹ וַיִּכְרוּ־ כה
שָׁם עַבְדֵי־יִצְחָק בְּאֵר׃ וַאֲבִימֶלֶךְ הָלַךְ אֵלָיו מִגְּרָר וַאֲחֻזַּת 26
מֵרֵעֵהוּ וּפִיכֹל שַׂר־צְבָאוֹ׃ וַיֹּאמֶר אֲלֵהֶם יִצְחָק מַדּוּעַ 27
בָּאתֶם אֵלָי וְאַתֶּם שְׂנֵאתֶם אֹתִי וַתְּשַׁלְּחוּנִי מֵאִתְּכֶם׃
וַיֹּאמְרוּ רָאוֹ רָאִינוּ כִּי־הָיָה יְהוָה ׀ עִמָּךְ וַנֹּאמֶר תְּהִי נָא 28

16 אונד אבימלך האט געזאגט צו יצחק, גייא אוועק פון אונס, ווארין דוא ביסט פיל
שטארקער פון אונס: 17 אונד יצחק איז פון דארט אוועקגעגאנגען, אונד ער
האט גערוהט אין דעם טאהל פון גרר, אונד ער האט דארט געוואוינט: 18 אונד
יצחק האט ווידער געגראבען דיא ברונענס פון וואסער וואס זייא האבען געגראבען
אין דיא טעג פון אברהם זיין פאטער, אונד דיא פלשתים האבען זייא פארשטאפט
נאך דעם טויט פון אברהם, אונד ער האט זייא גערופען נעמען, אזוי וויא דיא נעמען
וואס זיין פאטער האט זייא גערופען: 19 אונד דיא קנעכט פון יצחק האבען
געגראבען אין דעם טאהל, אונד זייא האבען דארט געפונען, א ברונען פון
לעבעדיגעס וואסער: 20 אונד דיא פאסטוכער פון גרר האבען זיך געקריגט מיט דיא
פאסטוכער פון יצחק, אונד האבען געזאגט, צו אונס (געהערט) דאס וואסער, אונד
ער האט גערופען דעם נאמען פון דעם ברונען עשק (קריג), ווייל זייא האבען זיך
מיט איהם געקריגט: 21 אונד זייא האבען איין אנדערען ברונען געגראבען, אונד
זייא האבען איבער דעם אויך געקריגט, אונד ער האט גערופען זיין נאמען שטנה:
22 אונד ער האט אוועק גערוקט (זיינע וואוינונג), אונד ער האט איין אנדערען ברונען
געגראבען, אונד זייא האבען ניט איבער דיזען געקריגט, אונד ער האט גערופען זיין
נאמען רחבות (דערווייטערט), ווארין איצט האט אונס גאט דערווייטערט, אונד מיר
וועלען פרוכטבאר זיין אין דעם לאנד: 23 אונד ער איז ארויפגעגאנגען פון דארט
קיין באר שבע: 24 אונד גאט האט זיך צו איהם באוויזען אין דערזעלביגער נאכט,
אונד ער האט געזאגט, איך בין דער גאט פון אברהם דיין פאטער, דוא זאלסט קיין
מורא האבען ווארין איך בין מיט דיר, אונד איך וועל דיך בענשען, אונד איך וועל מעהרען
דיין זאמען, וועגען אברהם מיין קנעכט: 25 אונד ער האט דארט געבויעט א מזבח, אונד
ער האט אנגערופען דעם נאמען פון גאט, אונד ער האט דארט אויפגעשטעלט זיין
געצעלט, אונד יצחק'ס קנעכט האבען דארט געגראבען א ברונען: 26 אונד אבימלך איז
צו איהם געגאנגען פון גרר, אונד אחזת זיין פריינד, אונד פיכל דער פירשט פון זיין הער־
שאר: 27 אונד יצחק האט צו זייא געזאגט, ווארום זייט איהר צו מיר געקומען? איהר האט
מיך דאך פיינד, אונד איהר האט מיך אוועק געשיקט פון אייך: 28 אונד זייא האבען געזאגט,
מיר האבען געוויס געזעהען דאס גאט איז מיט דיר, אונד מיר האבען געזאגט, לאז דאך
צווישען

29 אֵלֶּה בֵּינוֹתֵינוּ בֵּינֵינוּ וּבֵינֶךָ וְנִכְרְתָה בְרִית עִמָּךְ׃ אִם־
תַּעֲשֵׂה עִמָּנוּ רָעָה כַּאֲשֶׁר לֹא נְגַעֲנוּךָ וְכַאֲשֶׁר עָשִׂינוּ עִמְּךָ
ל רַק־טוֹב וַנְּשַׁלֵּחֲךָ בְּשָׁלוֹם אַתָּה עַתָּה בְּרוּךְ יְהוָה׃ וַיַּעַשׂ
31 לָהֶם מִשְׁתֶּה וַיֹּאכְלוּ וַיִּשְׁתּוּ׃ וַיַּשְׁכִּימוּ בַבֹּקֶר וַיִּשָּׁבְעוּ
32 אִישׁ לְאָחִיו וַיְשַׁלְּחֵם יִצְחָק וַיֵּלְכוּ מֵאִתּוֹ בְּשָׁלוֹם׃ וַיְהִי ׀
בַּיּוֹם הַהוּא וַיָּבֹאוּ עַבְדֵי יִצְחָק וַיַּגִּדוּ לוֹ עַל־אֹדוֹת הַבְּאֵר
33 אֲשֶׁר חָפָרוּ וַיֹּאמְרוּ לוֹ מָצָאנוּ מָיִם׃ וַיִּקְרָא אֹתָהּ שִׁבְעָה
34 עַל־כֵּן שֵׁם־הָעִיר בְּאֵר שֶׁבַע עַד הַיּוֹם הַזֶּה׃ ס וַיְהִי
עֵשָׂו בֶּן־אַרְבָּעִים שָׁנָה וַיִּקַּח אִשָּׁה אֶת־יְהוּדִית בַּת־בְּאֵרִי
לה הַחִתִּי וְאֶת־בָּשְׂמַת בַּת־אֵילֹן הַחִתִּי׃ וַתִּהְיֶיןָ מֹרַת רוּחַ
לְיִצְחָק וּלְרִבְקָה׃ ס

כז כז

א וַיְהִי כִּי־זָקֵן יִצְחָק וַתִּכְהֶיןָ עֵינָיו מֵרְאֹת וַיִּקְרָא אֶת־עֵשָׂו ׀
2 בְּנוֹ הַגָּדֹל וַיֹּאמֶר אֵלָיו בְּנִי וַיֹּאמֶר אֵלָיו הִנֵּנִי׃ וַיֹּאמֶר
3 הִנֵּה־נָא זָקַנְתִּי לֹא יָדַעְתִּי יוֹם מוֹתִי׃ וְעַתָּה שָׂא־נָא כֵלֶיךָ
4 תֶּלְיְךָ וְקַשְׁתֶּךָ וְצֵא הַשָּׂדֶה וְצוּדָה לִּי צָיִדה׃ וַעֲשֵׂה־לִי
מַטְעַמִּים כַּאֲשֶׁר אָהַבְתִּי וְהָבִיאָה לִּי וְאֹכֵלָה בַּעֲבוּר
ה תְּבָרֶכְךָ נַפְשִׁי בְּטֶרֶם אָמוּת׃ וְרִבְקָה שֹׁמַעַת בְּדַבֵּר יִצְחָק
6 אֶל־עֵשָׂו בְּנוֹ וַיֵּלֶךְ עֵשָׂו הַשָּׂדֶה לָצוּד צַיִד לְהָבִיא׃ וְרִבְקָה
אָמְרָה אֶל־יַעֲקֹב בְּנָהּ לֵאמֹר הִנֵּה שָׁמַעְתִּי אֶת־אָבִיךָ
7 מְדַבֵּר אֶל־עֵשָׂו אָחִיךָ לֵאמֹר׃ הָבִיאָה לִּי צַיִד וַעֲשֵׂה־לִי
8 מַטְעַמִּים וְאֹכֵלָה וַאֲבָרֶכְכָה לִפְנֵי יְהוָה לִפְנֵי מוֹתִי׃ וְעַתָּה
9 בְנִי שְׁמַע בְּקֹלִי לַאֲשֶׁר אֲנִי מְצַוָּה אֹתָךְ׃ לֶךְ־נָא אֶל־הַצֹּאן
וְקַח־לִי מִשָּׁם שְׁנֵי גְּדָיֵי עִזִּים טֹבִים וְאֶעֱשֶׂה אֹתָם מַטְעַמִּים
י לְאָבִיךָ כַּאֲשֶׁר אָהֵב׃ וְהֵבֵאתָ לְאָבִיךָ וְאָכָל בַּעֲבֻר אֲשֶׁר
11 יְבָרֶכְךָ לִפְנֵי מוֹתוֹ׃ וַיֹּאמֶר יַעֲקֹב אֶל־רִבְקָה אִמּוֹ הֵן
12 עֵשָׂו אָחִי אִישׁ שָׂעִר וְאָנֹכִי אִישׁ חָלָק׃ אוּלַי יְמֻשֵּׁנִי אָבִי

צְווישֶׁען אוּנְס אַ שְׁבוּעָה זַיין, צְווִישֶׁען אוּנְס אוּנְד צְווִישֶׁען דִיר, אוּנְד מִיר וֶועלֶען מִיט דִיר כּוֹרֵת בְּרִית זַיין: 29 אַז דוּא זָאלְסְט אוּנְס קֵיין שְׁלֶעכְטֶעס טְהוּן, ווִיא מִיר הָאבֶּען דִיךְ נִיט אָנְגֶערִירְט, אוּנְד וֵוייל מִיר הָאבֶּען דִיר נוּר גוּטֶעס גֶעטְהוּן, אוּנְד מִיר הָאבֶּען דִיךְ בְּשָׁלוֹם אַוֶועק גֶעשִׁיקְט, דוּא בִּיסְט נוּן אִיצְט גֶעבֶּענְשְׁט פוּן גָאט: 30 אוּנְד עֶר הָאט גֶעמַאכְט צוּ זֵייא אַ מָאלצֵייט אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעגֶעסֶען אוּנְד גֶעטְרוּנְקֶען: 31 אוּנְד זֵייא זֶענֶען פְּרִיה מָארְגֶען אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אֵיינֶער צוּם אַנְדֶערֶען גֶעשְׁוָואוֹרֶען, אוּנְד יִצְחָק הָאט זֵייא אַוֶועק גֶעשִׁיקְט, אוּנְד זֵייא זֶענֶען פוּן אִיהְם בְּשָׁלוֹם אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען: 32 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אִין דֶעמְ־זֶעלְבִּיגֶען טָאג, אַזוֹי זֶענֶען דִיא קְנֶעכְט פוּן יִצְחָק גֶעקוּמֶען אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אִיהְם דֶערְצֵיילְט, וֶועגֶען דֶעם בְּרוּנֶען וָואס זֵייא הָאבֶּען גֶעגְרָאבֶּען, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, מִיר הָאבֶּען גֶעפוּנֶען וַואסֶער: 33 אוּנְד עֶר הָאט עֶס גֶערוּפֶען שִׁבְעָה, דָארוּם אִיז דֶער נָאמֶען פוּן דֶער שְׁטָאט בְּאֵר־שֶׁבַע בִּיז אוֹיף דֶעם הֵיינְטִיגֶען טָאג:
34 אוּנְד עֵשָׂו אִיז פֶערְצִיג יָאהְר אַלְט גֶעוֶועזֶען, אוּנְד הָאט אַ ווייבּ גֶענוּמֶען יְהוּדִית, דִיא טָאכְטֶער פוּן בְּאֵרִי, דֶעם חִתִּי, אוּנְד בָּשְׂמַת, דִיא טָאכְטֶער פוּן אֵילוֹן דֶעם חִתִּי:
35 אוּנְד זֵייא זֶענֶען גֶעוֶועזֶען צוּ אַ פַארְבִּיטֶערוּנְג פוּן יִצְחָק אוּנְד פוּן רִבְקָה:

## קאפיטעל כז

1 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען וֶוען יִצְחָק אִיז אַלְט גֶעוָוארֶען, אוּנְד זֵיינֶע אוֹיגֶען זֶענֶען טוּנְקֶעל גֶעוָוארֶען אַז עֶר הָאט נִיט גֶעקָאנְט זֶעהֶען, אַזוֹי הָאט עֶר גֶערוּפֶען עֵשָׂו זֵיין עֶלְטֶערֶען זוּהְן, אוּנְד עֶר הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, מֵיין זוּהְן, אוּנְד עֶר הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, הִיר בִּין אִיךְ: 2 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ בִּין נוּן אִיצְט אַלְט, אוּנְד אִיךְ ווייס נִיט דֶעם טָאג פוּן מֵיין טוֹיט: 3 אוּנְד אִיצְט, בֶּעט אִיךְ דִיךְ, נֶעם דֵיינֶע וַואפֶען, דֵיין גֶעהֶענְג, אוּנְד דֵיין בּוֹיגֶען, אוּנְד גֵייא אַרוֹיס אוֹיף דֶעם פֶעלְד, אוּנְד יָאג פַאר מִיר אַ גֶעיֶעג: 4 אוּנְד מַאךְ מִיר שְׁמַאקְהַאפְטֶע שְׁפֵּייז, אַזוֹי ווִיא אִיךְ הָאבּ לִיעבּ, אוּנְד בְּרֶענְג עֶס מִיר, אוּנְד אִיךְ וֶועל עֶסֶען, כְּדֵי מֵיינֶע זֶעלֶע זָאל דִיךְ בֶּענְשֶׁען אֵיידֶער אִיךְ וֶועל שְׁטַארְבֶּען: 5 אוּנְד רִבְקָה הָאט גֶעהֶערְט ווִיא יִצְחָק הָאט גֶערֶעט צוּ עֵשָׂו זֵיין זוּהְן, אוּנְד עֵשָׂו אִיז גֶעגַאנְגֶען אוֹיף דֶעם פֶעלְד צוּ יָאגֶען אַ גֶעיֶעג אוּם עֶס צוּ בְּרֶענְגֶען: 6 אוּנְד רִבְקָה הָאט גֶעזָאגְט צוּ יַעֲקֹב אִיהְר זוּהְן, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, זֶעה, אִיךְ הָאבּ גֶעהֶערְט דָאס דֵיין פָאטֶער הָאט גֶערֶעט צוּ עֵשָׂו דֵיין בְּרוּדֶער אוּנְד גֶעזָאגְט: 7 בְּרֶענְג מִיר גֶעיָאגְטֶעס, אוּנְד מַאךְ מִיר שְׁמַאקְהַאפְטִיגֶע שְׁפֵּייז אוּנְד אִיךְ וֶועל עֶסֶען, אוּנְד אִיךְ וֶועל דִיךְ בֶּענְשֶׁען פַאר גָאט פַאר מֵיין טוֹיט: 8 אוּנְד אִיצְט מֵיין זוּהְן, הֶער צוּ מֵיין קוֹל, צוּ וָואס אִיךְ וֶועל דִיר בֶּעפֶעלֶען: 9 גֵייא נוּן צוּ דִיא שָׁאף, אוּנְד נֶעם צוּ מִיר פוּן דָארְט צְווייא גוּטֶע צִיגֶען־בֶּעקֶעלֶעךְ, אוּנְד אִיךְ וֶועל זֵייא מַאכֶען שְׁמַאקְהַאפְטֶע שְׁפֵּייז פַאר דֵיין פָאטֶער, אַזוֹי ווִיא עֶר הָאט לִיעבּ: 10 אוּנְד דוּא זָאלְסְט עֶס בְּרֶענְגֶען צוּ דֵיין פָאטֶער כְּדֵי עֶר זָאל דִיךְ בֶּענְשֶׁען פַאר זֵיין טוֹיט: 11 אוּנְד יַעֲקֹב הָאט גֶעזָאגְט צוּ רִבְקָה זֵיינֶע מוּטֶער, עֵשָׂו מֵיין בְּרוּדֶער אִיז אַ הָארִיגֶער מַאן, אוּנְד אִיךְ בִּין אַ גְלַאטֶער מַאן: 12 טָאמֶער וֶועט מִיךְ מֵיין פָאטֶער אָנְטַאפֶּען,

וְהָיִיתִי בְעֵינָיו כִּמְתַעְתֵּעַ וְהֵבֵאתִי עָלַי קְלָלָה וְלֹא בְרָכָה׃
וַתֹּאמֶר לוֹ אִמּוֹ עָלַי קִלְלָתְךָ בְּנִי אַךְ שְׁמַע בְּקֹלִי וְלֵךְ 13
קַח־לִי׃ וַיֵּלֶךְ וַיִּקַּח וַיָּבֵא לְאִמּוֹ וַתַּעַשׂ אִמּוֹ מַטְעַמִּים 14
כַּאֲשֶׁר אָהֵב אָבִיו׃ וַתִּקַּח רִבְקָה אֶת־בִּגְדֵי עֵשָׂו בְּנָהּ טו
הַגָּדֹל הַחֲמֻדֹת אֲשֶׁר אִתָּהּ בַּבָּיִת וַתַּלְבֵּשׁ אֶת־יַעֲקֹב בְּנָהּ
הַקָּטָן׃ וְאֵת עֹרֹת גְּדָיֵי הָעִזִּים הִלְבִּישָׁה עַל־יָדָיו וְעַל 16
חֶלְקַת צַוָּארָיו׃ וַתִּתֵּן אֶת־הַמַּטְעַמִּים וְאֶת־הַלֶּחֶם אֲשֶׁר 17
עָשָׂתָה בְּיַד יַעֲקֹב בְּנָהּ׃ וַיָּבֹא אֶל־אָבִיו וַיֹּאמֶר אָבִי 18
וַיֹּאמֶר הִנֶּנִּי מִי אַתָּה בְּנִי׃ וַיֹּאמֶר יַעֲקֹב אֶל־אָבִיו אָנֹכִי 19
עֵשָׂו בְּכֹרֶךָ עָשִׂיתִי כַּאֲשֶׁר דִּבַּרְתָּ אֵלָי קוּם־נָא שְׁבָה
וְאָכְלָה מִצֵּידִי בַּעֲבוּר תְּבָרְכַנִּי נַפְשֶׁךָ׃ וַיֹּאמֶר יִצְחָק אֶל־ כ
בְּנוֹ מַה־זֶּה מִהַרְתָּ לִמְצֹא בְּנִי וַיֹּאמֶר כִּי הִקְרָה יְהוָה
אֱלֹהֶיךָ לְפָנָי׃ וַיֹּאמֶר יִצְחָק אֶל־יַעֲקֹב גְּשָׁה־נָּא וַאֲמֻשְׁךָ 21
בְּנִי הַאַתָּה זֶה בְּנִי עֵשָׂו אִם־לֹא׃ וַיִּגַּשׁ יַעֲקֹב אֶל־יִצְחָק 22
אָבִיו וַיְמֻשֵּׁהוּ וַיֹּאמֶר הַקֹּל קוֹל יַעֲקֹב וְהַיָּדַיִם יְדֵי עֵשָׂו׃
וְלֹא הִכִּירוֹ כִּי־הָיוּ יָדָיו כִּידֵי עֵשָׂו אָחִיו שְׂעִרֹת וַיְבָרְכֵהוּ׃ 23
וַיֹּאמֶר אַתָּה זֶה בְּנִי עֵשָׂו וַיֹּאמֶר אָנִי׃ וַיֹּאמֶר הַגִּשָׁה לִּי 24 כה
וְאֹכְלָה מִצֵּיד בְּנִי לְמַעַן תְּבָרֶכְךָ נַפְשִׁי וַיַּגֶּשׁ־לוֹ וַיֹּאכַל
וַיָּבֵא לוֹ יַיִן וַיֵּשְׁתְּ׃ וַיֹּאמֶר אֵלָיו יִצְחָק אָבִיו גְּשָׁה־נָּא 26
וּשְׁקָה־לִּי בְּנִי׃ וַיִּגַּשׁ וַיִּשַּׁק־לוֹ וַיָּרַח אֶת־רֵיחַ בְּגָדָיו וַיְבָרְכֵהוּ 27
וַיֹּאמֶר רְאֵה רֵיחַ בְּנִי כְּרֵיחַ שָׂדֶה אֲשֶׁר בֵּרְכוֹ יְהוָה׃ וְיִתֶּן־ 28
לְךָ הָאֱלֹהִים מִטַּל הַשָּׁמַיִם וּמִשְׁמַנֵּי הָאָרֶץ וְרֹב דָּגָן וְתִירֹשׁ׃
יַעַבְדוּךָ עַמִּים וְיִשְׁתַּחֲוֻ לְךָ לְאֻמִּים הֱוֵה גְבִיר לְאַחֶיךָ 29
וְיִשְׁתַּחֲווּ לְךָ בְּנֵי אִמֶּךָ אֹרְרֶיךָ אָרוּר וּמְבָרְכֶיךָ בָּרוּךְ׃
וַיְהִי כַּאֲשֶׁר כִּלָּה יִצְחָק לְבָרֵךְ אֶת־יַעֲקֹב וַיְהִי אַךְ יָצֹא ל
יָצָא יַעֲקֹב מֵאֵת פְּנֵי יִצְחָק אָבִיו וְעֵשָׂו אָחִיו בָּא מִצֵּידוֹ׃
וַיַּעַשׂ גַּם־הוּא מַטְעַמִּים וַיָּבֵא לְאָבִיו וַיֹּאמֶר לְאָבִיו יָקֻם 31

און איך וועל זיין אין זיינע אויגען ווי א בעטריגער, און איך וועל ברענגען אויף מיר א קללה און ניט א ברכה: 13 און זיינע מוטער האט צו איהם געזאגט, אויף מיר זאל זיין דיינע קללה, מיין זוהן, הער נור צו מיין קול, און גייא ברענג עס מיר: 14 און ער איז געגאנגען, און האט גענומען, און האט געבראכט צו זיינע מוטער, און זיינע מוטער האט געמאכט שמאקהאפטיגע שפייז, אזוי ווי זיין פאטער האט ליעב געהאט: 15 און רבקה האט גענומען, די בעסטע קליידער פון איהר עלטערען זוהן עשו, וואס זענען ביי איהר געוועזען אים הויז, און זי האט אנגעקליידעט יעקב איהר קלענערען זוהן: 16 און די פעל פון די ציגענבעק, האט זי אנגעטהון אויף זיינע הענד, און אויף די גלאטקייט פון זיין האלז: 17 און זי האט געגעבען די שמאקהאפטיגע שפייז, און דאס ברויט וואס זי האט געמאכט, אין די הענד פון יעקב איהר זוהן: 18 און ער איז געקומען צו זיין פאטער, און האט געזאגט, מיין פאטער, און ער האט געזאגט, היר בין איך, ווער ביסט דו מיין זוהן? 19 און יעקב האט געזאגט צו זיין פאטער, איך בין עשו דיין ערשט־געבוירענער, איך האב געטהון אזוי ווי דו האסט צו מיר גערעדט, שטעה אויף, איך בעט דיך, זעץ זיך, און עס פון מיין געיאגטעס, כדי דיינע זעלע זאל מיך בענשען: 20 און יצחק האט געזאגט, צו זיין זוהן, וואס איז דיזעס, וואס דו האסט אזוי געשווינד געפונען, מיין זוהן? און ער האט געזאגט, ווייל דער הער, דיין גאט האט עס געמאכט טרעפען פאר מיר: 21 און יצחק האט געזאגט צו יעקב, קום נעהנטער, איך בעט דיך, און איך וועל דיך אנטאפען, מיין זוהן, אויב דו ביסט דיזער מיין זוהן עשו אדער ניט: 22 און יעקב האט גענעהנט צו יצחק זיין פאטער, און ער האט איהם אנגעטאפט, און ער האט געזאגט, דאס קול, איז דאס קול פון יעקב, אבער די הענד זענען די הענד פון עשו: 23 און ער האט איהם ניט דערקענט, ווארין זיינע הענד זענען געוועזען האריג ווי די הענד פון עשו זיין ברודער, און ער האט איהם געבענשט: 24 און ער האט צו איהם געזאגט, ביסט דו דיזער מיין זוהן עשו? און ער האט געזאגט איך בין: 25 און ער האט געזאגט, גענעהן עס צו מיר, און איך וועל עסען פון דעם געיעג פון מיין זוהן, דאס מיינע זעלע זאל דיך בענשען, און ער האט עס גענעהנט צו איהם, און ער האט געגעסען, און ער האט צו איהם געבראכט וויין און ער האט געטרונקען: 26 און זיין פאטער יצחק האט צו איהם געזאגט, גענעהן צו מיר, און קוש מיך, מיין זוהן: 27 און ער האט גענעהנט, און ער האט איהם געקושט, און ער האט געשמעקט דעם ריח פון זיינע קליידער, און ער האט איהם געבענשט, און ער האט געזאגט, זעה, דער געשמאק פון מיין זוהן. איז גלייך אזוי ווי דער געשמאק פון א פעלד וואס גאט האט געבענשט: 28 און גאט זאל דיר געבען פון טהוי פון דעם הימעל, און פון פעטיגקייט פון דער ערד, און פיל קארן און אלטען וויין: 29 פעלקער זאלען דיר דינען, און פעלקער זאלען זיך צו דיר ביקען, זייא א האר צו דיינע ברידער, און צו דיר זאלען זיך ביקען די קינדער פון דיינע מוטער, דער וואס וועט דיך שעלטען זאל געשאלטען זיין, און די וואס וועלען דיך בענשען זאלען געבענשט זיין: 30 און עס איז געוועזען ווען יצחק האט געענדיגט צו בענשען יעקב, און עס איז געוועזען ווען יעקב איז נור ארויסגעגאנגען פון דעם פנים פון יצחק זיין פאטער, איז עשו זיין ברודער געקומען פון זיין געיעג: 31 און ער האט אויך געמאכט שמאקהאפטיגע שפייז, און האט עס געבראכט צו זיין פאטער, און ער האט געזאגט צו זיין פאטער

לאז

32 אָבִי וְיֹאכַל מִצֵּיד בְּנוֹ בַּעֲבֻר תְּבָרְכַנִּי נַפְשֶׁךָ׃ וַיֹּאמֶר לוֹ
33 יִצְחָק אָבִיו מִי־אָתָּה וַיֹּאמֶר אֲנִי בִּנְךָ בְכֹרְךָ עֵשָׂו׃ וַיֶּחֱרַד
יִצְחָק חֲרָדָה גְּדֹלָה עַד־מְאֹד וַיֹּאמֶר מִי־אֵפוֹא הוּא הַצָּד־
צַיִד וַיָּבֵא לִי וָאֹכַל מִכֹּל בְּטֶרֶם תָּבוֹא וָאֲבָרְכֵהוּ גַּם־בָּרוּךְ
34 יִהְיֶה׃ כִּשְׁמֹעַ עֵשָׂו אֶת־דִּבְרֵי אָבִיו וַיִּצְעַק צְעָקָה גְּדֹלָה
לה וּמָרָה עַד־מְאֹד וַיֹּאמֶר לְאָבִיו בָּרְכֵנִי גַם־אָנִי אָבִי׃ וַיֹּאמֶר
36 בָּא אָחִיךָ בְּמִרְמָה וַיִּקַּח בִּרְכָתֶךָ׃ וַיֹּאמֶר הֲכִי קָרָא שְׁמוֹ
יַעֲקֹב וַיַּעְקְבֵנִי זֶה פַעֲמַיִם אֶת־בְּכֹרָתִי לָקָח וְהִנֵּה עַתָּה
37 לָקַח בִּרְכָתִי וַיֹּאמַר הֲלֹא־אָצַלְתָּ לִּי בְּרָכָה׃ וַיַּעַן יִצְחָק
וַיֹּאמֶר לְעֵשָׂו הֵן גְּבִיר שַׂמְתִּיו לָךְ וְאֶת־כָּל־אֶחָיו נָתַתִּי
לוֹ לַעֲבָדִים וְדָגָן וְתִירֹשׁ סְמַכְתִּיו וּלְכָה אֵפוֹא מָה אֶעֱשֶׂה
38 בְּנִי׃ וַיֹּאמֶר עֵשָׂו אֶל־אָבִיו הַבְרָכָה אַחַת הִוא־לְךָ אָבִי
39 בָּרְכֵנִי גַם־אָנִי אָבִי וַיִּשָּׂא עֵשָׂו קֹלוֹ וַיֵּבְךְּ׃ וַיַּעַן יִצְחָק אָבִיו
וַיֹּאמֶר אֵלָיו הִנֵּה מִשְׁמַנֵּי הָאָרֶץ יִהְיֶה מוֹשָׁבֶךָ וּמִטַּל
מ הַשָּׁמַיִם מֵעָל׃ וְעַל־חַרְבְּךָ תִחְיֶה וְאֶת־אָחִיךָ תַּעֲבֹד וְהָיָה
41 כַּאֲשֶׁר תָּרִיד וּפָרַקְתָּ עֻלּוֹ מֵעַל צַוָּארֶךָ׃ וַיִּשְׂטֹם עֵשָׂו אֶת־
יַעֲקֹב עַל־הַבְּרָכָה אֲשֶׁר בֵּרְכוֹ אָבִיו וַיֹּאמֶר עֵשָׂו בְּלִבּוֹ
42 יִקְרְבוּ יְמֵי אֵבֶל אָבִי וְאַהַרְגָה אֶת־יַעֲקֹב אָחִי׃ וַיֻּגַּד
לְרִבְקָה אֶת־דִּבְרֵי עֵשָׂו בְּנָהּ הַגָּדֹל וַתִּשְׁלַח וַתִּקְרָא
לְיַעֲקֹב בְּנָהּ הַקָּטָן וַתֹּאמֶר אֵלָיו הִנֵּה עֵשָׂו אָחִיךָ מִתְנַחֵם
43 לְךָ לְהָרְגֶךָ׃ וְעַתָּה בְנִי שְׁמַע בְּקֹלִי וְקוּם בְּרַח־לְךָ אֶל־
44 לָבָן אָחִי חָרָנָה׃ וְיָשַׁבְתָּ עִמּוֹ יָמִים אֲחָדִים עַד אֲשֶׁר־
מה תָּשׁוּב חֲמַת אָחִיךָ׃ עַד־שׁוּב אַף־אָחִיךָ מִמְּךָ וְשָׁכַח אֵת
אֲשֶׁר־עָשִׂיתָ לּוֹ וְשָׁלַחְתִּי וּלְקַחְתִּיךָ מִשָּׁם לָמָה אֶשְׁכַּל גַּם־
46 שְׁנֵיכֶם יוֹם אֶחָד׃ וַתֹּאמֶר רִבְקָה אֶל־יִצְחָק קַצְתִּי בְחַיַּי
מִפְּנֵי בְּנוֹת חֵת אִם־לֹקֵחַ יַעֲקֹב אִשָּׁה מִבְּנוֹת־חֵת כָּאֵלֶּה
מִבְּנוֹת הָאָרֶץ לָמָּה לִּי חַיִּים׃

לָאז מֵיין פָאטֶער אוֹיפְשְׁטֵיין אוּנְד לָאז עֶר עֶסֶען פוּן דֶעם גֶעיֶעג פוּן זֵיין זוּהְן, כְּדֵי דֵיינֶע זֶעלֶע זָאל מִיךְ בֶּענְשֶׁען׃ 32 אוּנְד יִצְחָק זֵיין פָאטֶער הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, וֶוער בִּיסְט דוּא? אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט אִיךְ בִּין דֵיין זוּהְן, דֵיין עֶרְשְׁטגֶעבּוֹירֶענֶער, עֵשָׂו׃ 33 אוּנְד יִצְחָק הָאט זִיךְ דֶערשְׁרָאקֶען מִיט אַ זֶעהְר גְרוֹיסֶע שְׁרֶעק, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, וֶוער? וְואוּ אִיז עֶר, דֶער וָואס הָאט גֶעיָאגְט דָאס גֶעיֶעג, אוּנְד הָאט צוּ מִיר גֶעבְּרַאכְט, אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעגֶעסֶען פוּן אַלֶעם אֵיידֶער דוּא בִּיסְט גֶעקוּמֶען, אוּנְד אִיךְ הָאבּ אִיהְם גֶעבֶּענְשְׁט? עֶר זָאל אוֹיךְ גֶעבֶּענְשְׁט זֵיין׃ 34 וֶוען עֵשָׂו הָאט גֶעהֶערְט דִיא וֶוערְטֶער פוּן זֵיין פָאטֶער, אַזוֹי הָאט עֶר גֶעשְׁרִיגֶען מִיט אַ זֶעהְר גְרוֹיסֶען אוּנְד בִּיטֶערֶען גֶעשְׁרֵייא, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט בֶּענְשׁ מִיךְ, אוֹיךְ מִיךְ, מֵיין פָאטֶער׃ 35 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, דֵיין בְּרוּדֶער אִיז גֶעקוּמֶען מִיט חָכְמָה אוּנְד הָאט גֶענוּמֶען דֵיינֶע בְּרָכָה׃ 36 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, הָאט מֶען נִיט מִיט רֶעכְט גֶערוּפֶען זֵיין נָאמֶען יַעֲקֹב? אוּנְד עֶר הָאט מִיךְ שׁוֹין צְווֵייא מָאל בֶּעטְרוֹי־גֶען, מֵיינֶע בְּכוֹרָה הָאט עֶר צוּגֶענוּמֶען, אוּנְד אַצוּנְד הָאט עֶר צוּגֶענוּמֶען מֵיינֶע בְּרָכָה, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, הָאסְט דוּא נִיט פַאר מִיר צוּרִיק גֶעהַאלְטֶען אַ בְּרָכָה? 37 אוּנְד יִצְחָק הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט צוּ עֵשָׂו, זֶעה, אִיךְ הָאבּ אִיהְם גֶעמַאכְט אַ הַאר אִיבֶּער דִיר, אוּנְד אַלֶע זֵיינֶע בְּרִידֶער הָאבּ אִיךְ צוּ אִיהְם גֶעגֶעבֶּען צוּ קְנֶעכְט, אוּנְד מִיט קָארְן אוּנְד מִיט אַלְטֶען וֵויין הָאבּ אִיךְ אִיהְם אוּנְטֶערְגֶעלֶעהְנְט, אוּנְד וָואס זָאל אִיךְ צוּ דִיר טְהוּן מֵיין זוּהְן? 38 אוּנְד עֵשָׂו הָאט גֶעזָאגְט צוּ זֵיין פָאטֶער, הָאסְט דוּא נָאר אֵיינֶע בְּרָכָה מֵיין פָאטֶער? בֶּענְשׁ מִיךְ, אוֹיךְ מִיךְ, מֵיין פָאטֶער! אוּנְד עֵשָׂו הָאט אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען זֵיין קוֹל, אוּנְד הָאט גֶעוֵויינְט׃ 39 אוּנְד יִצְחָק זֵיין פָאטֶער הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט, אוּנְד הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, זֶעה, פוּן דִיא פֶעטִיגְקֵייט פוּן דֶער עֶרְד זָאל זֵיין דֵיינֶע וְואוֹינוּנְג, אוּנְד פוּן דֶעם טְהוֹי פוּן דֶעם הִימֶעל פוּן אוֹיבֶּען׃ 40 אוּנְד דוּרְךְ דֵיין שְׁוֶוערְט זָאלְסְט דוּא לֶעבֶּען, אוּנְד דֵיין בְּרוּדֶער זָאלְסְט דוּא דִינֶען, אוּנְד עֶס וֶועט זֵיין אַז וֶוען דוּא וֶועסְט הֶערְשֶׁען, אַזוֹי וֶועסְט דוּא זֵיין יָאךְ פוּן דֵיין הַאלְז אָפְּוַוארְפֶען׃ 41 אוּנְד עֵשָׂו הָאט גֶעהַאסְט יַעֲקֹב, וֶועגֶען דִיא בְּרָכָה וָואס זֵיין פָאטֶער הָאט אִיהְם גֶעבֶּענְשְׁט, אוּנְד עֵשָׂו הָאט אִין זֵיין הַארְץ גֶעטְרַאכְט, עֶס וֶועלֶען גֶענֶעהֶנְען דִיא טְרוֹיעֶר־טֶעג פוּן מֵיין פָאטֶער, אַזוֹי וֶועל אִיךְ מֵיין בְּרוּדֶער יַעֲקֹב הַרְגֶ׳נֶען׃ 42 אוּנְד עֶס אִיז אָנְגֶעזָאגְט גֶעוָוארֶען צוּ רִבְקָה דִיא וֶוערְטֶער פוּן עֵשָׂו אִיהְר עֶלְטֶערֶען זוּהְן, אוּנְד זִיא הָאט גֶעשִׁיקְט אוּנְד זִיא הָאט גֶערוּפֶען אִיהְר קְלֶענֶערֶען זוּהְן, אוּנְד זִיא הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, זֶעה, עֵשָׂו דֵיין בְּרוּדֶער טְרֵייסְט זִיךְ אִיבֶּער דִיר, דִיךְ צוּ הַרְגֶ׳נֶען׃ 43 אוּנְד נוּן מֵיין זוּהְן, הֶער צוּ מֵיין קוֹל, אוּנְד שְׁטֶעה אוֹיף אוּנְד אַנְטְלוֹיף צוּ לָבָן מֵיין בְּרוּדֶער, קֵיין חָרָן׃ 44 אוּנְד דוּא זָאלְסְט וְואוֹינֶען מִיט אִיהְם אֵיינִיגֶע טֶעג, בִּיז דֶער גְרִימְצָארֶען פוּן דֵיין בְּרוּדֶער וֶועט זִיךְ אָפְּקֶערֶען׃ 45 בִּיז עֶס וֶועט זִיךְ פוּן דִיר אָפְּקֶערֶען דֵיין בְּרוּדֶערְ׳ס צָארְן, אוּנְד עֶר וֶועט פַארְגֶעסֶען וָואס דוּא הָאסְט צוּ אִיהְם גֶעטְהוּן, אוּנְד אִיךְ וֶועל שִׁיקֶען אוּנְד אִיךְ וֶועל דִיךְ פוּן דָארְט נֶעמֶען, וָוארוּם זָאל אִיךְ אֵייךְ בֵּיידֶע פֶערְלִירֶען אִין אֵיין טָאג? 46 אוּנְד רִבְקָה הָאט גֶעזָאגְט צוּ יִצְחָק, מֵיין לֶעבֶּען אִיז פֶערְמִיאוּסְט וֶועגֶען דִיא טֶעכְטֶער פוּן חֵת, וֶוען יַעֲקֹב זָאל נֶעמֶען אַ וַוייבּ אַזוֹי וִויא פוּן דִיזֶע טֶעכְטֶער פוּן דֶעם לַאנְד, צוּ וָואס טוֹיג מִיר דָאס לֶעבֶּען?

אוּנְד

כח

וַיִּקְרָא יִצְחָק אֶל־יַעֲקֹב וַיְבָרֶךְ אֹתוֹ וַיְצַוֵּהוּ וַיֹּאמֶר לוֹ לֹא־ א
תִקַּח אִשָּׁה מִבְּנוֹת כְּנָעַן׃ קוּם לֵךְ פַּדֶּנָה אֲרָם בֵּיתָה 2
בְתוּאֵל אֲבִי אִמֶּךָ וְקַח־לְךָ מִשָּׁם אִשָּׁה מִבְּנוֹת לָבָן אֲחִי
אִמֶּךָ׃ וְאֵל שַׁדַּי יְבָרֵךְ אֹתְךָ וְיַפְרְךָ וְיַרְבֶּךָ וְהָיִיתָ לִקְהַל 3
עַמִּים׃ וְיִתֶּן־לְךָ אֶת־בִּרְכַּת אַבְרָהָם לְךָ וּלְזַרְעֲךָ אִתָּךְ 4
לְרִשְׁתְּךָ אֶת־אֶרֶץ מְגֻרֶיךָ אֲשֶׁר־נָתַן אֱלֹהִים לְאַבְרָהָם׃
וַיִּשְׁלַח יִצְחָק אֶת־יַעֲקֹב וַיֵּלֶךְ פַּדֶּנָה אֲרָם אֶל־לָבָן בֶּן־ ה
בְּתוּאֵל הָאֲרַמִּי אֲחִי רִבְקָה אֵם יַעֲקֹב וְעֵשָׂו׃ וַיַּרְא עֵשָׂו 6
כִּי־בֵרַךְ יִצְחָק אֶת־יַעֲקֹב וְשִׁלַּח אֹתוֹ פַּדֶּנָה אֲרָם לָקַחַת־
לוֹ מִשָּׁם אִשָּׁה בְּבָרְכוֹ אֹתוֹ וַיְצַו עָלָיו לֵאמֹר לֹא־תִקַּח
אִשָּׁה מִבְּנוֹת כְּנָעַן׃ וַיִּשְׁמַע יַעֲקֹב אֶל־אָבִיו וְאֶל־אִמּוֹ 7
וַיֵּלֶךְ פַּדֶּנָה אֲרָם׃ וַיַּרְא עֵשָׂו כִּי רָעוֹת בְּנוֹת כְּנָעַן בְּעֵינֵי 8
יִצְחָק אָבִיו׃ וַיֵּלֶךְ עֵשָׂו אֶל־יִשְׁמָעֵאל וַיִּקַּח אֶת־מַחֲלַת ׀ בַּת־ 9
יִשְׁמָעֵאל בֶּן־אַבְרָהָם אֲחוֹת נְבָיוֹת עַל־נָשָׁיו לוֹ לְאִשָּׁה׃

ס ס ס ז

וַיֵּצֵא יַעֲקֹב מִבְּאֵר שָׁבַע וַיֵּלֶךְ חָרָנָה׃ וַיִּפְגַּע בַּמָּקוֹם וַיָּלֶן 11
שָׁם כִּי־בָא הַשֶּׁמֶשׁ וַיִּקַּח מֵאַבְנֵי הַמָּקוֹם וַיָּשֶׂם מְרַאֲשֹׁתָיו
וַיִּשְׁכַּב בַּמָּקוֹם הַהוּא׃ וַיַּחֲלֹם וְהִנֵּה סֻלָּם מֻצָּב אַרְצָה 12
וְרֹאשׁוֹ מַגִּיעַ הַשָּׁמָיְמָה וְהִנֵּה מַלְאֲכֵי אֱלֹהִים עֹלִים וְיֹרְדִים
בּוֹ׃ וְהִנֵּה יְהוָה נִצָּב עָלָיו וַיֹּאמַר אֲנִי יְהוָה אֱלֹהֵי אַבְרָהָם 13
אָבִיךָ וֵאלֹהֵי יִצְחָק הָאָרֶץ אֲשֶׁר אַתָּה שֹׁכֵב עָלֶיהָ לְךָ
אֶתְּנֶנָּה וּלְזַרְעֶךָ׃ וְהָיָה זַרְעֲךָ כַּעֲפַר הָאָרֶץ וּפָרַצְתָּ יָמָּה 14
וָקֵדְמָה וְצָפֹנָה וָנֶגְבָּה וְנִבְרְכוּ בְךָ כָּל־מִשְׁפְּחֹת הָאֲדָמָה
וּבְזַרְעֶךָ׃ וְהִנֵּה אָנֹכִי עִמָּךְ וּשְׁמַרְתִּיךָ בְּכֹל אֲשֶׁר־תֵּלֵךְ טו
וַהֲשִׁבֹתִיךָ אֶל־הָאֲדָמָה הַזֹּאת כִּי לֹא אֶעֱזָבְךָ עַד אֲשֶׁר אִם־
עָשִׂיתִי אֵת אֲשֶׁר־דִּבַּרְתִּי לָךְ׃ וַיִּיקַץ יַעֲקֹב מִשְּׁנָתוֹ וַיֹּאמֶר 16

## קאפיטעל כח

1 אונד יצחק האט גערופען יעקב, אונד ער האט איהם געבענשט, אונד ער האט איהם געבאטען אונד האט צו איהם געזאגט, דוא זאלסט ניט נעמען א ווייב פון דיא טעכטער פון כנען: 2 שטעה אויף, גייא קיין פדן ארם, צו דעם הויז פון בתואל, פאטער פון דיינע מוטער, אונד נעם דיר פון דארט א ווייב, פון לבן'ס טעכטער, דיינע מוטער'ס ברודער: 3 אונד דער אלמעכטיגער גאט זאל דיך בענשען, אונד זאל דיך פרוכטבאר מאכען, אונד ער זאל דיך מעהרען, אונד דוא ועסט זיין צו א פערזאמלונג פון פעלקער: 4 אונד ער זאל צו דיר געבען דיא ברכה פון אברהם, צו דיר אונד צו דיין זאמען מיט דיר, אז דוא זאלסט ערבען דאס לאנד אין וואס דוא וואוינסט, וואס גאט האט געגעבען צו אברהם: 5 אונד יצחק האט אוועק געשיקט יעקב, אונד ער איז געגאנגען קיין פדן ארם, צו לבן, זוהן פון בתואל דעם ארמי, רבקה'ס ברודער, דיא מוטער פון יעקב אונד עשו: 6 אונד ווען עשו האט געזעהען, אז יצחק האט געבענשט יעקב אונד האט איהם אוועק געשיקט קיין פדן ארם זיך פון דארט א ווייב צו נעמען, ווען ער האט איהם געבענשט, האט ער איהם געבאטען, אזוי צו זאגען, דוא זאלסט ניט נעמען א ווייב פון דיא טעכטער פון כנען: 7 אונד יעקב האט געהארכט צו זיין פאטער אונד צו זיינע מוטער, אונד איז געגאנגען קיין פדן ארם: 8 אונד ווען עשו האט געזעהען אז דיא טעכטער פון כנען זענען שלעכט אין דיא אויגען פון זיין פאטער: 9 אזוי איז עשו געגאנגען צו ישמעאל, אונד ער האט זיך גענומען מחלת, דיא טאכטער פון ישמעאל, זוהן פון אברהם, דיא שוועסטער פון נביות, חוץ זיינע ווייבער, צו א ווייב:

### ויצא

10 אונד יעקב איז ארויסגעגאנגען פון באר שבע, אונד ער איז געגאנגען קיין חרן: 11 אונד ער האט אנגעטראפען אין איין ארט, אונד האט דארט איבערגעכטיגט, ווארין דיא זון איז אונטערגעגאנגען, אונד ער האט גענומען פון דיא שטיינער פון דעם ארט אונד ער האט זייא געלייגט אונטער זיין קאפ, אונד ער האט זיך געלייגט אויף דעמזעלבען ארט: 12 אונד ער האט געחלומת, אונד זעה, א לייטער איז געשטאנען אויף דער ערד, אונד זיין שפיץ האט גערייכט ביז צום הימעל, אונד זעה, דיא מלאכים פון גאט זענען ארויפגעגאנגען אויף איהם אונד ארונטערגעגאנגען: 13 אונד זעה, גאט איז געשטאנען נעבען איהם, אונד ער האט געזאגט, איך בין דער האר, דער גאט פון אברהם דיין פאטער, אונד דער גאט פון יצחק, דאס לאנד וואס דוא ליגסט דרויף, צו דיר וועל איך עס געבען אונד צו דיין זאמען: 14 אונד דיין זאמען וועט זיין אזוי וויא דער שטויב פון דער ערד, אונד דוא וועסט דיך אויס־שפרייטען קעגען מערב־זייט, אונד קעגען מזרח־זייט, אונד קעגען צפון־זייט, אונד קעגען דרום־זייט, אונד עס וועלען זיך בענשען אלע משפחות פון דער ערד, אין דיר אונד אין דיין זאמען: 15 אונד זעה, איך בין מיט דיר, אונד איך וועל דיך בעהיטען איבעראל וואו דוא אהינגייסט, אונד איך וועל דיך צוריק ברענגען צו דעם דאזיגען לאנד, ווארין איך וועל דיך ניט פערלאזען ביז איך וועל טהון דאס וואס איך האב דיר צוגעזאגט: 16 אונד יעקב איז אויפגעוואכט פון זיין שלאף, אונד ער האט געזאגט,

17 אָכֵן יֵשׁ יְהוָה בַּמָּקוֹם הַזֶּה וְאָנֹכִי לֹא יָדָעְתִּי׃ וַיִּירָא וַיֹּאמַר
מַה־נּוֹרָא הַמָּקוֹם הַזֶּה אֵין זֶה כִּי אִם־בֵּית אֱלֹהִים וְזֶה
18 שַׁעַר הַשָּׁמָיִם׃ וַיַּשְׁכֵּם יַעֲקֹב בַּבֹּקֶר וַיִּקַּח אֶת־הָאֶבֶן אֲשֶׁר־
שָׂם מְרַאֲשֹׁתָיו וַיָּשֶׂם אֹתָהּ מַצֵּבָה וַיִּצֹק שֶׁמֶן עַל־רֹאשָׁהּ׃
19 וַיִּקְרָא אֶת־שֵׁם־הַמָּקוֹם הַהוּא בֵּית־אֵל וְאוּלָם לוּז שֵׁם־
כ הָעִיר לָרִאשֹׁנָה׃ וַיִּדַּר יַעֲקֹב נֶדֶר לֵאמֹר אִם־יִהְיֶה
אֱלֹהִים עִמָּדִי וּשְׁמָרַנִי בַּדֶּרֶךְ הַזֶּה אֲשֶׁר אָנֹכִי הוֹלֵךְ וְנָתַן־
21 לִי לֶחֶם לֶאֱכֹל וּבֶגֶד לִלְבֹּשׁ׃ וְשַׁבְתִּי בְשָׁלוֹם אֶל־בֵּית אָבִי
22 וְהָיָה יְהוָה לִי לֵאלֹהִים׃ וְהָאֶבֶן הַזֹּאת אֲשֶׁר־שַׂמְתִּי מַצֵּבָה
יִהְיֶה בֵּית אֱלֹהִים וְכֹל אֲשֶׁר תִּתֶּן־לִי עַשֵּׂר אֲעַשְּׂרֶנּוּ לָךְ׃

## כט - כט

9 א וַיִּשָּׂא יַעֲקֹב רַגְלָיו וַיֵּלֶךְ אַרְצָה בְנֵי־קֶדֶם׃ וַיַּרְא וְהִנֵּה
בְאֵר בַּשָּׂדֶה וְהִנֵּה־שָׁם שְׁלֹשָׁה עֶדְרֵי־צֹאן רֹבְצִים עָלֶיהָ
כִּי מִן־הַבְּאֵר הַהִוא יַשְׁקוּ הָעֲדָרִים וְהָאֶבֶן גְּדֹלָה עַל־
3 פִּי הַבְּאֵר׃ וְנֶאֶסְפוּ־שָׁמָּה כָל־הָעֲדָרִים וְגָלְלוּ אֶת־הָאֶבֶן
מֵעַל פִּי הַבְּאֵר וְהִשְׁקוּ אֶת־הַצֹּאן וְהֵשִׁיבוּ אֶת־הָאֶבֶן עַל־
4 פִּי הַבְּאֵר לִמְקֹמָהּ׃ וַיֹּאמֶר לָהֶם יַעֲקֹב אַחַי מֵאַיִן אַתֶּם
ה וַיֹּאמְרוּ מֵחָרָן אֲנָחְנוּ׃ וַיֹּאמֶר לָהֶם הַיְדַעְתֶּם אֶת־לָבָן
6 בֶּן־נָחוֹר וַיֹּאמְרוּ יָדָעְנוּ׃ וַיֹּאמֶר לָהֶם הֲשָׁלוֹם לוֹ וַיֹּאמְרוּ
7 שָׁלוֹם וְהִנֵּה רָחֵל בִּתּוֹ בָּאָה עִם־הַצֹּאן׃ וַיֹּאמֶר הֵן עוֹד
הַיּוֹם גָּדוֹל לֹא־עֵת הֵאָסֵף הַמִּקְנֶה הַשְׁקוּ הַצֹּאן וּלְכוּ
8 רְעוּ׃ וַיֹּאמְרוּ לֹא נוּכַל עַד אֲשֶׁר יֵאָסְפוּ כָּל־הָעֲדָרִים
9 וְגָלְלוּ אֶת־הָאֶבֶן מֵעַל פִּי הַבְּאֵר וְהִשְׁקִינוּ הַצֹּאן׃ עוֹדֶנּוּ
מְדַבֵּר עִמָּם וְרָחֵל ׀ בָּאָה עִם־הַצֹּאן אֲשֶׁר לְאָבִיהָ כִּי רֹעָה
י הִוא׃ וַיְהִי כַּאֲשֶׁר רָאָה יַעֲקֹב אֶת־רָחֵל בַּת־לָבָן אֲחִי
אִמּוֹ וְאֶת־צֹאן לָבָן אֲחִי אִמּוֹ וַיִּגַּשׁ יַעֲקֹב וַיָּגֶל אֶת־הָאֶבֶן
11 מֵעַל פִּי הַבְּאֵר וַיַּשְׁקְ אֶת־צֹאן לָבָן אֲחִי אִמּוֹ׃ וַיִּשַּׁק יַעֲקֹב

פארוואהר, גאט איז אין דיזען ארט, אונד איך האב עס ניט געוואוסט: 17 אונד ער האט זיך געפארכטען, אונד ער האט געזאגט, וויא פארכטיג איז דיזער ארט, דיזעס איז ניט אנדערש נייערט דאס הויז פון גאט, אונד דיזעס איז דאס טויער פון דעם הימעל: 18 אונד יעקב איז פריה אויפגעשטאנען, אונד ער האט גענומען דעם שטיין וואס ער האט געלייגט אונטער זיין קאפ, אונד ער האט איהם געמאכט צו א דענקמאל (מצבה) אונד ער האט געגאסען אייל אויף זיינע שפיץ: 19 אונד ער האט גערופען דעם נאמען פון דעמזעלבען ארט בית אל (הויז פון גאט), אבער פריהער איז געוועזען דער נאמען פון דער שטאט לוז: 20 אונד יעקב האט א נדר געטהון, אונד ער האט געזאגט, ווען גאט וועט טאקי מיט מיר זיין, אונד וועט מיך בעהיטען אויף דיזען וועג וואס איך גייא, אונד וועט מיר געבען ברויט צו עסען אונד קליידער אנצוקליידען: 21 אונד איך וועל בשלום צוריק קערען צו מיין פאטער'ס הויז, אזוי זאל דער האר זיין צו מיר צו איין גאט: 22 אונד דיזער שטיין, וואס איך האב געמאכט צו איין דענקמאל, זאל זיין דאס הויז פון גאט, אונד פון אלעם וואס דוא וועסט צו מיר געבען, וועל איך דאס צעהנטע טייל צו דיר אפגעבען:

## קאפיטעל כט

1 אונד יעקב האט אויפגעהויבען זיינע פיס, אונד איז געגאנגען צו דעם לאנד, פון דיא קינדער פון מזרח־זייט: 2 אונד ער האט געזעהען, אונד נון א ברונען וואר אין דעם פעלד, אונד דארט האבען דרייא סטאדעס פון שאף געהויערט דערבייא, דען פון דעמזעלבען ברונען פלעגען זייא אנטרינקען דיא סטאדעס, אונד דער שטיין איז גרויס געוועזען אויף דער עפענונג פון דעם ברונען: 3 אונד עס פלעגען זיך דארט פארזאמלען אלע פאסטוכער אונד זייא פלעגען ארופוואלגערן דעם שטיין פון דער עפענונג פון דעם ברונען, אונד זייא פלעגען אנטרינקען דיא שאף, אונד זייא פלעגען צוריק לייגען דעם שטיין אויף דער עפענונג פון דעם ברונען אויף זיין ארט: 4 אונד יעקב האט צו זייא געזאגט, מיינע ברידער, פון וואנען זייט איהר? אונד זייא האבען געזאגט מיר זענען פון חרן: 5 אונד ער האט צו זייא געזאגט, קענט איהר דעם לבן, זוהן פון נחור? אונד זייא האבען געזאגט, מיר קענען איהם: 6 אונד ער האט צו זייא געזאגט, איז שלום צו איהם? אונד זייא האבען געזאגט שלום; אונד זעה רחל זיינע טאכטער קומט מיט דיא שאף: 7 אונד ער האט געזאגט, זעה, דער טאג איז נאך גרויס, (עס איז נאך) ניט צייט איינצוזאמלען דאס פיך, טרינקט אן דיא שאף, אונד גייט פיטערען: 8 אונד זייא האבען געזאגט, מיר קענען ניט, ביז אלע פאסטוכער וועלען זיך פערזאמלען, אונד וועלען ארופוואלגערן דעם שטיין פון דער עפענונג פון דעם ברונען, אזוי וועלען מיר אנטרינקען דיא שאף: 9 וויא ער האט נאך גערעט מיט זייא, אזוי איז רחל געקומען מיט דיא שאף וואס געהערען צו איהר פאטער, ווייל זיא איז געוועזען א פאסטוכערין: 10 אונד עס איז געוועזען ווען יעקב האט געזעהען רחל, דיא טאכטער פון לבן דער ברודער פון זיינע מוטער, אונד דיא שאף פון לבן דער ברודער פון זיינע מוטער, אזוי האט יעקב גענעהנט, אונד ער האט ארופגעוואלגערט דעם שטיין פון דער עפענונג פון דעם ברונען, אונד ער האט אנגעטרונקען דיא שאף פון לבן, ברודער פון זיינע מוטער: 11 אונד יעקב האט רחל געקושט,

אונד

לְרָחֵל וַיִּשָּׂא אֶת־קֹלוֹ וַיֵּבְךְּ׃ וַיַּגֵּד יַעֲקֹב לְרָחֵל כִּי אֲחִי 12
אָבִיהָ הוּא וְכִי בֶן־רִבְקָה הוּא וַתָּרָץ וַתַּגֵּד לְאָבִיהָ׃ וַיְהִי 13
כִשְׁמֹעַ לָבָן אֶת־שֵׁמַע ׀ יַעֲקֹב בֶּן־אֲחֹתוֹ וַיָּרָץ לִקְרָאתוֹ
וַיְחַבֶּק־לוֹ וַיְנַשֶּׁק־לוֹ וַיְבִיאֵהוּ אֶל־בֵּיתוֹ וַיְסַפֵּר לְלָבָן אֵת
כָּל־הַדְּבָרִים הָאֵלֶּה׃ וַיֹּאמֶר לוֹ לָבָן אַךְ עַצְמִי וּבְשָׂרִי 14
אָתָּה וַיֵּשֶׁב עִמּוֹ חֹדֶשׁ יָמִים׃ וַיֹּאמֶר לָבָן לְיַעֲקֹב הֲכִי־ טו
אָחִי אַתָּה וַעֲבַדְתַּנִי חִנָּם הַגִּידָה לִּי מַה־מַּשְׂכֻּרְתֶּךָ׃
וּלְלָבָן שְׁתֵּי בָנוֹת שֵׁם הַגְּדֹלָה לֵאָה וְשֵׁם הַקְּטַנָּה רָחֵל׃ 16
וְעֵינֵי לֵאָה רַכּוֹת וְרָחֵל הָיְתָה יְפַת־תֹּאַר וִיפַת מַרְאֶה׃ 17
וַיֶּאֱהַב יַעֲקֹב אֶת־רָחֵל וַיֹּאמֶר אֶעֱבָדְךָ שֶׁבַע שָׁנִים בְּרָחֵל 18
בִּתְּךָ הַקְּטַנָּה׃ וַיֹּאמֶר לָבָן טוֹב תִּתִּי אֹתָהּ לָךְ מִתִּתִּי 19
אֹתָהּ לְאִישׁ אַחֵר שְׁבָה עִמָּדִי׃ וַיַּעֲבֹד יַעֲקֹב בְּרָחֵל שֶׁבַע כ
שָׁנִים וַיִּהְיוּ בְעֵינָיו כְּיָמִים אֲחָדִים בְּאַהֲבָתוֹ אֹתָהּ׃ וַיֹּאמֶר 21
יַעֲקֹב אֶל־לָבָן הָבָה אֶת־אִשְׁתִּי כִּי מָלְאוּ יָמָי וְאָבוֹאָה
אֵלֶיהָ׃ וַיֶּאֱסֹף לָבָן אֶת־כָּל־אַנְשֵׁי הַמָּקוֹם וַיַּעַשׂ מִשְׁתֶּה׃ 22
וַיְהִי בָעֶרֶב וַיִּקַּח אֶת־לֵאָה בִתּוֹ וַיָּבֵא אֹתָהּ אֵלָיו וַיָּבֹא 23
אֵלֶיהָ׃ וַיִּתֵּן לָבָן לָהּ אֶת־זִלְפָּה שִׁפְחָתוֹ לְלֵאָה בִתּוֹ שִׁפְחָה׃ 24
וַיְהִי בַבֹּקֶר וְהִנֵּה־הִוא לֵאָה וַיֹּאמֶר אֶל־לָבָן מַה־זֹּאת כה
עָשִׂיתָ לִּי הֲלֹא בְרָחֵל עָבַדְתִּי עִמָּךְ וְלָמָּה רִמִּיתָנִי׃ וַיֹּאמֶר 26
לָבָן לֹא־יֵעָשֶׂה כֵן בִּמְקוֹמֵנוּ לָתֵת הַצְּעִירָה לִפְנֵי הַבְּכִירָה׃
מַלֵּא שְׁבֻעַ זֹאת וְנִתְּנָה לְךָ גַּם־אֶת־זֹאת בַּעֲבֹדָה אֲשֶׁר 27
תַּעֲבֹד עִמָּדִי עוֹד שֶׁבַע־שָׁנִים אֲחֵרוֹת׃ וַיַּעַשׂ יַעֲקֹב כֵּן 28
וַיְמַלֵּא שְׁבֻעַ זֹאת וַיִּתֶּן־לוֹ אֶת־רָחֵל בִּתּוֹ לוֹ לְאִשָּׁה׃ וַיִּתֵּן 29
לָבָן לְרָחֵל בִּתּוֹ אֶת־בִּלְהָה שִׁפְחָתוֹ לָהּ לְשִׁפְחָה׃ וַיָּבֹא ל
גַּם אֶל־רָחֵל וַיֶּאֱהַב גַּם־אֶת־רָחֵל מִלֵּאָה וַיַּעֲבֹד עִמּוֹ עוֹד
שֶׁבַע־שָׁנִים אֲחֵרוֹת׃ וַיַּרְא יְהוָה כִּי־שְׂנוּאָה לֵאָה וַיִּפְתַּח 31
אֶת־רַחְמָהּ וְרָחֵל עֲקָרָה׃ וַתַּהַר לֵאָה וַתֵּלֶד בֵּן וַתִּקְרָא 32

אוּנְד עֶר הָאט אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען זַיין קוֹל אוּנְד הָאט גֶעוֵויינְט: 12 אוּנְד יַעֲקֹב הָאט גֶעזָאגְט צוּ רָחֵל, אַז עֶר אִיז דֶער בְּרוּדֶער (דֶער נֶעפֶע) פוּן אִיהְר פָאטֶער, אוּנְד אִיז דֶער זוּהְן פוּן רִבְקָה, אוּנְד זִיא אִיז גֶעלָאפֶען אוּנְד הָאט עֶס אָנְגֶע־זָאגְט צוּ אִיהְר פָאטֶער: 13 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען וֶוען לָבָן הָאט גֶעהֶערְט דִיא נָאכְרִיכְט פוּן יַעֲקֹב דֶער זוּהְן פוּן זַיינֶע שְׁוֶועסְטֶער, אַזוֹי אִיז עֶר אִיהְם עֶנְטְקֶעגֶען גֶעלָאפֶען, אוּנְד הָאט אִיהְם גֶעהַאלְזְט אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם גֶעקוּשְׁט, אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם אַריינְגֶעבְּרַאכְט אִין זַיין הוֹיז; אוּנְד עֶר הָאט דֶערְצֵיילְט צוּ לָבָן אַלֶע דִיזֶע זַאכֶען: 14 אוּנְד לָבָן הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, פַארְוָואהְר, דוּא בִּיסְט מֵיין בֵּיין אוּנְד מֵיין פְלֵיישׁ, אוּנְד עֶר הָאט מִיט אִיהְם גֶעוְואוֹינְט אַ חוֹדֶשׁ פוּן טֶעג: 15 אוּנְד לָבָן הָאט גֶעזָאגְט צוּ יַעֲקֹב, וֵוייל דוּא בִּיסְט מֵיין בְּרוּדֶער זָאלְסְט דוּא מִיר דִינֶען בְּחִנָּם? זָאג מִיר וָואס זָאל דֵיין לוֹין (שְׂכַר) זַיין? 16 אוּנְד לָבָן הָאט גֶעהַאט צְווייא טֶעכְטֶער, דֶער נָאמֶען פוּן דֶער גְרֶעסֶערֶע אִיז גֶעוֶועזֶען לֵאָה, אוּנְד דֶער נָאמֶען פוּן דֶער קְלֶענֶערֶע אִיז גֶעוֶועזֶען רָחֵל: 17 אוּנְד דִיא אוֹיגֶען פוּן לֵאָה זֶענֶען גֶעוֶועזֶען שְׁוַואךְ, אוּנְד רָחֵל אִיז גֶעוֶועזֶען שֶׁעהְן פוּן גֶעשְׁטַאלְט, אוּנְד שֶׁעהְן אָנְצוּזֶעהֶען: 18 אוּנְד יַעֲקֹב הָאט לִיעבּ גֶעהַאט רָחֵל, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ וֶועל בֵּייא דִיר דִינֶען זִיבֶּען יָאהְר וֶועגֶען רָחֵל דֵיינֶע קְלֵיינֶע טָאכְטֶער: 19 אוּנְד לָבָן הָאט גֶעזָאגְט, עֶס אִיז בֶּעסֶער אַז אִיךְ זָאל זִיא גֶעבֶּען צוּ דִיר, אַלְס אִיךְ זָאל זִיא גֶעבֶּען צוּ אֵיין אַנְדֶערֶען מַאן, בְּלֵייבּ בֵּייא מִיר: 20 אוּנְד יַעֲקֹב הָאט גֶעדִינְט וֶועגֶען רָחֵל זִיבֶּען יָאהְר, אוּנְד זֵייא זֶענֶען גֶעוֶועזֶען אִין זַיינֶע אוֹיגֶען אַזוֹי וִויא עֶטְלִיכֶע טֶעג, וֵוייל עֶר הָאט זִיא לִיעבּ גֶעהַאט: 21 אוּנְד יַעֲקֹב הָאט גֶעזָאגְט צוּ לָבָן גִיבּ מִיר מֵיין וֵוייבּ, וָוארִין מֵיינֶע טֶעג זֶענֶען דֶערְפִילְט גֶעוָוארֶען, אוּנְד אִיךְ וֶועל צוּ אִיהְר קוּמֶען: 22 אוּנְד לָבָן הָאט אֵיינְגֶעזַאמֶעלְט אַלֶע לֵייט פוּן דֶעם אָרְט, אוּנְד עֶר הָאט גֶעמַאכְט אַ מָאלְצֵייט: 23 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אִין דֶעם אָבֶענְד, הָאט עֶר גֶענוּמֶען לֵאָה זַיינֶע טָאכְטֶער, אוּנְד עֶר הָאט זִיא גֶעבְּרַאכְט צוּ אִיהְם, אוּנְד עֶר אִיז צוּ אִיהְר גֶעקוּמֶען: 24 אוּנְד לָבָן הָאט צוּ אִיהְר גֶעגֶעבֶּען זִלְפָּה זַיין דִינְסְט, צוּ לֵאָה זַיינֶע טָאכְטֶער פַאר אַ דִינְסְט: 25 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אִין דֶעם מָארְגֶען, זֶעה, עֶס וַואר לֵאָה. אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט צוּ לָבָן, וָואס אִיז דָאס וָואס דוּא הָאסְט מִיר גֶעטְהוּן? הָאבּ אִיךְ נִיט בֵּייא דִיר גֶעדִינְט וֶועגֶען רָחֵל, פַארְוָואס הָאסְט דוּא מִיךְ גֶענַארְט? 26 אוּנְד לָבָן הָאט גֶעזָאגְט, עֶס וֶוערְט נִיט אַזוֹי גֶעטְהוּן אִין אוּנְזֶער אָרְט, צוּ גֶעבֶּען דִיא יִינְגֶערֶע פַאר דִיא עֶלְטֶערֶע: 27 דֶערְפִיל אִיהְרֶע וָואךְ (הָאכְצֵייט), אוּנְד מִיר וֶועלֶען צוּ דִיר אוֹיךְ דִיזֶע גֶעבֶּען, וֶועגֶען דֶעם דִינְסְט וָואס דוּא זָאלְסְט בֵּייא מִיר דִינֶען נָאךְ אַנְדֶערֶע זִיבֶּען יָאהְר: 28 אוּנְד יַעֲקֹב הָאט אַזוֹי גֶעטְהוּן, אוּנְד עֶר הָאט דֶערְפִילְט אִיהְרֶע וָואךְ, אוּנְד עֶר הָאט צוּ אִיהְם אוֹיךְ גֶעגֶעבֶּען רָחֵל זַיינֶע טָאכְטֶער פַאר אַ וֵוייבּ: 29 אוּנְד לָבָן הָאט גֶעגֶעבֶּען צוּ רָחֵל זַיינֶע טָאכְטֶער, בִּלְהָה זַיין דִינְסְט, צוּ אִיהְר פַאר אַ דִינְסְט: 30 אוּנְד עֶר אִיז אוֹיךְ גֶעקוּמֶען צוּ רָחֵל, אָבֶּער עֶר הָאט רָחֵל מֶעהְר לִיעבּ גֶעהַאט וִויא לֵאָה, אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם גֶעדִינְט נָאךְ אַנְדֶערֶע זִיבֶּען יָאהְר: 31 אוּנְד וֶוען גָאט הָאט גֶעזֶעהֶען אַז לֵאָה אִיז גֶעוֶועזֶען גֶעהַאסְט, אַזוֹי הָאט עֶר גֶעעֶפֶענְט אִיהְר מוּטֶער־לֵייבּ, אָבֶּער רָחֵל אִיז גֶעוֶועזֶען אוּנְפְרוּכְטְבַּאר (אֵיינֶע עֲקָרָה): 32 אוּנְד לֵאָה אִיז טְרָאגֶענְדִיג גֶעוָוארֶען אוּנְד זִיא הָאט גֶעוִוינֶען אַ זוּהְן, אוּנְד זִיא הָאט גֶערוּפֶען זַיין נָאמֶען

שְׁמוֹ רְאוּבֵן כִּי אָמְרָה כִּי־רָאָה יְהוָה בְּעָנְיִי כִּי עַתָּה
33 יֶאֱהָבַנִי אִישִׁי׃ וַתַּהַר עוֹד וַתֵּלֶד בֵּן וַתֹּאמֶר כִּי־שָׁמַע
יְהוָה כִּי־שְׂנוּאָה אָנֹכִי וַיִּתֶּן־לִי גַּם־אֶת־זֶה וַתִּקְרָא שְׁמוֹ
34 שִׁמְעוֹן׃ וַתַּהַר עוֹד וַתֵּלֶד בֵּן וַתֹּאמֶר עַתָּה הַפַּעַם יִלָּוֶה
אִישִׁי אֵלַי כִּי־יָלַדְתִּי לוֹ שְׁלֹשָׁה בָנִים עַל־כֵּן קָרָא־שְׁמוֹ
לה לֵוִי׃ וַתַּהַר עוֹד וַתֵּלֶד בֵּן וַתֹּאמֶר הַפַּעַם אוֹדֶה אֶת־
יְהוָה עַל־כֵּן קָרְאָה שְׁמוֹ יְהוּדָה וַתַּעֲמֹד מִלֶּדֶת׃

ל

ל
א וַתֵּרֶא רָחֵל כִּי לֹא יָלְדָה לְיַעֲקֹב וַתְּקַנֵּא רָחֵל בַּאֲחֹתָהּ
וַתֹּאמֶר אֶל־יַעֲקֹב הָבָה־לִּי בָנִים וְאִם־אַיִן מֵתָה אָנֹכִי׃
2 וַיִּחַר־אַף יַעֲקֹב בְּרָחֵל וַיֹּאמֶר הֲתַחַת אֱלֹהִים אָנֹכִי אֲשֶׁר־
3 מָנַע מִמֵּךְ פְּרִי־בָטֶן׃ וַתֹּאמֶר הִנֵּה אֲמָתִי בִלְהָה בֹּא אֵלֶיהָ
4 וְתֵלֵד עַל־בִּרְכַּי וְאִבָּנֶה גַם־אָנֹכִי מִמֶּנָּה׃ וַתִּתֶּן־לוֹ אֶת־
ה בִּלְהָה שִׁפְחָתָהּ לְאִשָּׁה וַיָּבֹא אֵלֶיהָ יַעֲקֹב׃ וַתַּהַר בִּלְהָה
6 וַתֵּלֶד לְיַעֲקֹב בֵּן׃ וַתֹּאמֶר רָחֵל דָּנַנִּי אֱלֹהִים וְגַם שָׁמַע
7 בְּקֹלִי וַיִּתֶּן־לִי בֵּן עַל־כֵּן קָרְאָה שְׁמוֹ דָּן׃ וַתַּהַר עוֹד
8 וַתֵּלֶד בִּלְהָה שִׁפְחַת רָחֵל בֵּן שֵׁנִי לְיַעֲקֹב׃ וַתֹּאמֶר רָחֵל
נַפְתּוּלֵי אֱלֹהִים ׀ נִפְתַּלְתִּי עִם־אֲחֹתִי גַּם־יָכֹלְתִּי וַתִּקְרָא
9 שְׁמוֹ נַפְתָּלִי׃ וַתֵּרֶא לֵאָה כִּי עָמְדָה מִלֶּדֶת וַתִּקַּח אֶת־
י זִלְפָּה שִׁפְחָתָהּ וַתִּתֵּן אֹתָהּ לְיַעֲקֹב לְאִשָּׁה׃ וַתֵּלֶד זִלְפָּה
11 שִׁפְחַת לֵאָה לְיַעֲקֹב בֵּן׃ וַתֹּאמֶר לֵאָה בָּגָד וַתִּקְרָא אֶת־
12 שְׁמוֹ גָּד׃ וַתֵּלֶד זִלְפָּה שִׁפְחַת לֵאָה בֵּן שֵׁנִי לְיַעֲקֹב׃
13 וַתֹּאמֶר לֵאָה בְּאָשְׁרִי כִּי אִשְּׁרוּנִי בָּנוֹת וַתִּקְרָא אֶת־שְׁמוֹ
14 אָשֵׁר׃ וַיֵּלֶךְ רְאוּבֵן בִּימֵי קְצִיר־חִטִּים וַיִּמְצָא דוּדָאִים
בַּשָּׂדֶה וַיָּבֵא אֹתָם אֶל־לֵאָה אִמּוֹ וַתֹּאמֶר רָחֵל אֶל־לֵאָה
טו תְּנִי־נָא לִי מִדּוּדָאֵי בְּנֵךְ׃ וַתֹּאמֶר לָהּ הַמְעַט קַחְתֵּךְ אֶת־
אִישִׁי וְלָקַחַת גַּם אֶת־דּוּדָאֵי בְּנִי וַתֹּאמֶר רָחֵל לָכֵן יִשְׁכַּב

ראובן, וואָרין זיא האָט געזאָגט, ווייל גאָט האָט געזעהען מיינע פיין, וואָרין איצט וועט מיך מיין מאַן ליעב האָבען: 33 אונד זיא איז נאָכאַמאָל טראָגענדיג געוואָרען, אונד זיא האָט געווינען אַ זוהן, אונד זיא האָט געזאָגט, ווייל גאָט האָט געהערט אַז איך בין געהאַסט, אַזוי האָט ער מיר אויך דיזען געגעבען, אונד זיא האָט גערופען זיין נאָמען שמעון: 34 אונד זיא איז נאָכאַמאָל טראָגענדיג געוואָרען, אונד זיא האָט געווינען אַ זוהן, אונד זיא האָט געזאָגט, איצט, דיזעם מאָל וועט זיך מיין מאַן צו מיר בעהעפטען, וואָרין איך האָב צו איהם געווינען דריא זיהן, דרום האָט זיא גערופען זיין נאָמען לוי: 35 אונד זיא איז נאָכאַמאָל טראָגענדיג געוואָרען, אונד זיא האָט געווינען אַ זוהן, אונד זיא האָט געזאָגט, דיזעם מאָל וועל איך לויבען גאָט, דרום האָט זיא גערופען זיין נאָמען יהודה, אונד זיא האָט אויפגעהערט צו געווינען:

## קאפיטעל ל

1 ווען רחל האָט געזעהען אַז זיא האָט ניט געווינען צו יעקב, אַזוי האָט רחל איהרע שוועסטער מקנא געוועזען, אונד זיא האָט געזאָגט צו יעקב, גיב מיר קינדער, אונד ווען ניט אַזוי וועל איך שטאַרבען: 2 אונד דער צאָרן פון יעקב האָט זיך דערגרימט איבער רחל, אונד ער האָט געזאָגט, בין איך אין דער שטעל פון גאָט, וואָס האָט פערמיטען פון דיר דיא פרוכט פון דעם בויך? 3 אונד זיא האָט געזאָגט, זעה, מיין דינסט בלהה, קום צו איהר, אונד זיא זאָל געווינען אויף מיינע קניא, אונד איך וועל אויך פון איהר אויפגעבויעט ווערען: 4 אונד זיא האָט צו איהם געגעבען בלהה איהר דינסט פאַר אַ ווייב, אונד יעקב איז צו איהר געקומען: 5 אונד בלהה איז טראָגענדיג געוואָרען אונד זיא האָט געווינען אַ זוהן צו יעקב: 6 אונד רחל האָט געזאָגט, גאָט האָט מיך געריכטעט אונד האָט אויך געהערט מיין קול, אונד ער האָט מיר געגעבען אַ זוהן, דרום האָט זיא גערופען זיין נאָמען דן: 7 אונד זיא איז נאָכאַמאָל טראָגענדיג געוואָרען, אונד בלהה דיא דינסט פון רחל האָט אַ צווייטען זוהן געווינען צו יעקב: 8 אונד רחל האָט געזאָגט, דעם קאַמפף פון גאָט האָב איך געקעמפפט מיט מיינע שוועסטער, איך בין אויך בייגעקומען, אונד זיא האָט גערופען זיין נאָמען נפתלי: 9 אונד ווען לאה האָט געזעהען אַז זיא האָט אויפגעהערט פון צו געווינען, אַזוי האָט זיא גענומען זלפה איהר דינסט אונד זיא האָט זיא געגעבען צו יעקב פאַר אַ ווייב: 10 אונד זלפה דיא דינסט פון לאה האָט געווינען אַ זוהן צו יעקב: 11 אונד לאה האָט געזאָגט, עס קומט גליק, אונד זיא האָט גערופען זיין נאָמען גד: 12 אונד זלפה, דיא דינסט פון לאה, האָט אַ צווייטען זוהן געווינען צו יעקב: 13 אונד לאה האָט געזאָגט, אין מיינע גליקליכקייט! וואָרין מיך וועלען דיא טעכטער גליקליך לויבען, אונד זיא האָט גערופען זיין נאָמען אשר: 14 אונד ראובן איז געגאַנגען אין דיא טעג וואָס מען שניידעט דעם ווייץ, אונד ער האָט געפונען דודאים אויף דעם פעלד, אונד ער האָט זייא געבראַכט צו לאה זיינע מוטער, אונד רחל האָט געזאָגט צו לאה, גיב מיר, איך בעט דיך, פון דיא דודאים פון דיין זוהן: 15 אונד זיא האָט צו איהר געזאָגט, איז עס דען ווייניג אַז דוא האָסט גענומען מיין מאַן, אונד דוא ווילסט אויך נעמען דיא דודאים, פון מיין זוהן? אונד רחל האָט געזאָגט, דערפאַר זאָל ער מיט דיר ליגען

דיזע

עִמִּי הַלַּיְלָה תַּחַת דּוּדָאֵי בְנֵךְ׃ וַיָּבֹא יַעֲקֹב מִן־הַשָּׂדֶה 16
בָּעֶרֶב וַתֵּצֵא לֵאָה לִקְרָאתוֹ וַתֹּאמֶר אֵלַי תָּבוֹא כִּי שָׂכֹר
שְׂכַרְתִּיךָ בְּדוּדָאֵי בְּנִי וַיִּשְׁכַּב עִמָּהּ בַּלַּיְלָה הוּא׃ וַיִּשְׁמַע 17
אֱלֹהִים אֶל־לֵאָה וַתַּהַר וַתֵּלֶד לְיַעֲקֹב בֵּן חֲמִישִׁי׃ וַתֹּאמֶר 18
לֵאָה נָתַן אֱלֹהִים שְׂכָרִי אֲשֶׁר־נָתַתִּי שִׁפְחָתִי לְאִישִׁי וַתִּקְרָא
שְׁמוֹ יִשָּׂשכָר׃ וַתַּהַר עוֹד לֵאָה וַתֵּלֶד בֵּן־שִׁשִּׁי לְיַעֲקֹב׃ 19
וַתֹּאמֶר לֵאָה זְבָדַנִי אֱלֹהִים ׀ אֹתִי זֵבֶד טוֹב הַפַּעַם יִזְבְּלֵנִי כ
אִישִׁי כִּי־יָלַדְתִּי לוֹ שִׁשָּׁה בָנִים וַתִּקְרָא אֶת־שְׁמוֹ זְבֻלוּן׃
וְאַחַר יָלְדָה בַּת וַתִּקְרָא אֶת־שְׁמָהּ דִּינָה׃ וַיִּזְכֹּר אֱלֹהִים 21 22
אֶת־רָחֵל וַיִּשְׁמַע אֵלֶיהָ אֱלֹהִים וַיִּפְתַּח אֶת־רַחְמָהּ׃
וַתַּהַר וַתֵּלֶד בֵּן וַתֹּאמֶר אָסַף אֱלֹהִים אֶת־חֶרְפָּתִי׃ וַתִּקְרָא 23 24
אֶת־שְׁמוֹ יוֹסֵף לֵאמֹר יֹסֵף יְהוָה לִי בֵּן אַחֵר׃ וַיְהִי כַּאֲשֶׁר כה
יָלְדָה רָחֵל אֶת־יוֹסֵף וַיֹּאמֶר יַעֲקֹב אֶל־לָבָן שַׁלְּחֵנִי וְאֵלְכָה
אֶל־מְקוֹמִי וּלְאַרְצִי׃ תְּנָה אֶת־נָשַׁי וְאֶת־יְלָדַי אֲשֶׁר עָבַדְתִּי 26
אֹתְךָ בָּהֵן וְאֵלֵכָה כִּי אַתָּה יָדַעְתָּ אֶת־עֲבֹדָתִי אֲשֶׁר עֲבַדְתִּיךָ׃
וַיֹּאמֶר אֵלָיו לָבָן אִם־נָא מָצָאתִי חֵן בְּעֵינֶיךָ נִחַשְׁתִּי 27
וַיְבָרְכֵנִי יְהוָה בִּגְלָלֶךָ׃ וַיֹּאמַר נָקְבָה שְׂכָרְךָ עָלַי וְאֶתֵּנָה׃ 28
וַיֹּאמֶר אֵלָיו אַתָּה יָדַעְתָּ אֵת אֲשֶׁר עֲבַדְתִּיךָ וְאֵת אֲשֶׁר־ 29
הָיָה מִקְנְךָ אִתִּי׃ כִּי מְעַט אֲשֶׁר־הָיָה לְךָ לְפָנַי וַיִּפְרֹץ ל
לָרֹב וַיְבָרֶךְ יְהוָה אֹתְךָ לְרַגְלִי וְעַתָּה מָתַי אֶעֱשֶׂה גַם־
אָנֹכִי לְבֵיתִי׃ וַיֹּאמֶר מָה אֶתֶּן־לָךְ וַיֹּאמֶר יַעֲקֹב לֹא־תִתֶּן־ 31
לִי מְאוּמָה אִם־תַּעֲשֶׂה־לִּי הַדָּבָר הַזֶּה אָשׁוּבָה אֶרְעֶה
צֹאנְךָ אֶשְׁמֹר׃ אֶעֱבֹר בְּכָל־צֹאנְךָ הַיּוֹם הָסֵר מִשָּׁם כָּל־ 32
שֶׂה ׀ נָקֹד וְטָלוּא וְכָל־שֶׂה־חוּם בַּכְּשָׂבִים וְטָלוּא וְנָקֹד
בָּעִזִּים וְהָיָה שְׂכָרִי׃ וְעָנְתָה־בִּי צִדְקָתִי בְּיוֹם מָחָר כִּי־ 33
תָבוֹא עַל־שְׂכָרִי לְפָנֶיךָ כֹּל אֲשֶׁר־אֵינֶנּוּ נָקֹד וְטָלוּא בָּעִזִּים
וְחוּם בַּכְּשָׂבִים גָּנוּב הוּא אִתִּי׃ וַיֹּאמֶר לָבָן הֵן לוּ יְהִי 34

דיזע נאכט, וועגען די דודאים פון דיין זוהן: 16 אונד יעקב איז געקומען פון דעם פעלד אין דעם אבענד, אונד לאה איז ארויסגעגאנגען איהם ענטקעגען, אונד זיא האט געזאגט, דוא זאלסט צו מיר קומען, וואָרין איך האב דיך געדונגען וועגען די דודאים פון מיין זוהן, אונד ער איז געלעגען מיט איהר דיזע נאכט: 17 אונד גאט האט געהערט צו לאה, אונד זיא איז טראגענדיג געוואָרען, אונד זיא האט געווינען צו יעקב א פינפטען זוהן: 18 אונד לאה האט געזאגט, גאט האט מיר געגעבען מיין שכר, ווייל איך האב געגעבען מיין דינסט צו מיין מאן, אונד זיא האט גערופען זיין נאמען יששכר: 19 אונד זיא איז נאכאמאל טראגענדיג געוואָרען אונד זיא האט געווינען א זעקסטען זוהן צו יעקב: 20 אונד לאה האט געזאגט, גאט האט מיר צוגעטיילט א גוטען טייל, וואָרין דיזעס מאל וועט זיך מיין מאן צו מיר בעהעפטען, וואָרין איך האב צו איהם געווינען זעקס זיהן, אונד זיא האט גערופען זיין נאמען זבולון: 21 אונד דערנאך האט זיא געווינען א טאכטער, אונד זיא האט גערופען איהר נאמען דינה: 22 אונד גאט האט געדאכט אן רחל, אונד גאט האט געהערט צו איהר, אונד ער האט געעפענט איהר מוטערלייב: 23 אונד זיא איז טראגענדיג געוואָרען, אונד זיא האט געווינען א זוהן, אונד זיא האט געזאגט, גאט האט אוועקגענומען מיינע שאנד: 24 אונד זיא האט גערופען זיין נאמען יוסף, אזוי צו זאגען, גאט וועט מעהרען צו מיר איין אנדערען זוהן: 25 אונד עס איז געוועזען ווען רחל האט געווינען דעם יוסף, אזוי האט יעקב געזאגט צו לבן, שיק מיך אוועק אונד איך וועל גיין צו מיין ארט אונד צו מיין לאנד: 26 גיב מיר מיינע ווייבער אונד מיינע קינדער, וואס איך האב פאר זיי ביי דיר געדינט, אונד איך וועל גיין, וואָרין דוא ווייסט דאך מיין דינסט וואס איך האב ביי דיר געדינט: 27 אונד לבן האט צו איהם געזאגט, ווען איך האב נון געפונען חן אין דיינע אויגען — איך האב ערפאהרען דאס גאט האט מיך געבענשט פון דיינעטוועגען: 28 אונד ער האט געזאגט, בעשטים (דוא) דיין לוין (שכר) אויף מיר, אונד איך וועל עס געבען: 29 אונד ער האט צו איהם געזאגט, דוא ווייסט דאך וויא איך האב דיר געדינט, אונד וואס דיין פיך איז געוואָרען מיט מיר: 30 וואָרין דאס ווייניגע וואס דוא האסט געהאט פאר מיר, האט זיך אויסגעברייטעט צו פיל, אונד גאט האט דיך געבענשט פון מיינעטוועגען, אונד איצט ווען זאל איך אויך עס טהון פאר מיין הויזגעזינד? 31 אונד ער האט געזאגט, וואס זאל איך דיר געבען? אונד יעקב האט געזאגט, דוא זאלסט מיר גארניט געבען, ווען דוא ווילסט אבער צו מיר טהון דיזע זאך, וועל איך צוריק קערען פאשען דיינע שאף, אונד וועל זיי היטען: 32 איך וועל דורכגיין היינט ביי אלע דיינע שאף, טהו אפ פון דארטען אלע לעמער, געשפרענקעלטע אונד געפלעקטע, אונד איטליכעס לאם וואס איז רויט אונטער די שאף, אונד געפלעקט אונד געשפרענקעלט אונטער די ציגען, אונד עס זאל זיין מיין לוין (שכר): 33 אונד מיינע גערעכטיגקייט זאל פאר מיר צייגען אין דעם מארגענדיגען טאג, ווען דוא וועסט קומען אויף מיין לוין, פאר דיר, אלעם וואס איז ניט געשפרענקעלט אונד געפלעקט אין די ציגען, אונד רויט אין די שאף, איז וויא געגנבעט ביי מיר: 34 אונד לבן האט געזאגט, הלואי עס זאל זיין אזוי וויא

לה כִּדְבָרֶךָ: וַיָּסַר בַּיּוֹם הַהוּא אֶת־הַתְּיָשִׁים הָעֲקֻדִּים וְהַטְּלֻאִים
וְאֵת כָּל־הָעִזִּים הַנְּקֻדּוֹת וְהַטְּלֻאֹת כֹּל אֲשֶׁר־לָבָן בּוֹ וְכָל־
36 חוּם בַּכְּשָׂבִים וַיִּתֵּן בְּיַד־בָּנָיו: וַיָּשֶׂם דֶּרֶךְ שְׁלֹשֶׁת יָמִים
37 בֵּינוֹ וּבֵין יַעֲקֹב וְיַעֲקֹב רֹעֶה אֶת־צֹאן לָבָן הַנּוֹתָרֹת: וַיִּקַּח־
לוֹ יַעֲקֹב מַקַּל לִבְנֶה לַח וְלוּז וְעַרְמוֹן וַיְפַצֵּל בָּהֵן פְּצָלוֹת
38 לְבָנוֹת מַחְשֹׂף הַלָּבָן אֲשֶׁר עַל־הַמַּקְלוֹת: וַיַּצֵּג אֶת־
הַמַּקְלוֹת אֲשֶׁר פִּצֵּל בָּרְהָטִים בְּשִׁקֲתוֹת הַמָּיִם אֲשֶׁר
תָּבֹאןָ הַצֹּאן לִשְׁתּוֹת לְנֹכַח הַצֹּאן וַיֵּחַמְנָה בְּבֹאָן לִשְׁתּוֹת:
39 וַיֶּחֱמוּ הַצֹּאן אֶל־הַמַּקְלוֹת וַתֵּלַדְןָ הַצֹּאן עֲקֻדִּים נְקֻדִּים
מ וּטְלֻאִים: וְהַכְּשָׂבִים הִפְרִיד יַעֲקֹב וַיִּתֵּן פְּנֵי הַצֹּאן אֶל־עָקֹד
וְכָל־חוּם בְּצֹאן לָבָן וַיָּשֶׁת לוֹ עֲדָרִים לְבַדּוֹ וְלֹא שָׁתָם
41 עַל־צֹאן לָבָן: וְהָיָה בְּכָל־יַחֵם הַצֹּאן הַמְקֻשָּׁרוֹת וְשָׂם
יַעֲקֹב אֶת־הַמַּקְלוֹת לְעֵינֵי הַצֹּאן בָּרְהָטִים לְיַחְמֵנָּה
42 בַּמַּקְלוֹת: וּבְהַעֲטִיף הַצֹּאן לֹא יָשִׂים וְהָיָה הָעֲטֻפִים
43 לְלָבָן וְהַקְּשֻׁרִים לְיַעֲקֹב: וַיִּפְרֹץ הָאִישׁ מְאֹד מְאֹד וַיְהִי־
לוֹ צֹאן רַבּוֹת וּשְׁפָחוֹת וַעֲבָדִים וּגְמַלִּים וַחֲמֹרִים:

## לא

לא
א וַיִּשְׁמַע אֶת־דִּבְרֵי בְנֵי־לָבָן לֵאמֹר לָקַח יַעֲקֹב אֵת כָּל־
אֲשֶׁר לְאָבִינוּ וּמֵאֲשֶׁר לְאָבִינוּ עָשָׂה אֵת כָּל־הַכָּבֹד הַזֶּה:
2 וַיַּרְא יַעֲקֹב אֶת־פְּנֵי לָבָן וְהִנֵּה אֵינֶנּוּ עִמּוֹ כִּתְמוֹל שִׁלְשׁוֹם:
3 וַיֹּאמֶר יְהוָה אֶל־יַעֲקֹב שׁוּב אֶל־אֶרֶץ אֲבוֹתֶיךָ וּלְמוֹלַדְתֶּךָ
4 וְאֶהְיֶה עִמָּךְ: וַיִּשְׁלַח יַעֲקֹב וַיִּקְרָא לְרָחֵל וּלְלֵאָה הַשָּׂדֶה
ה אֶל־צֹאנוֹ: וַיֹּאמֶר לָהֶן רֹאֶה אָנֹכִי אֶת־פְּנֵי אֲבִיכֶן כִּי־
6 אֵינֶנּוּ אֵלַי כִּתְמֹל שִׁלְשֹׁם וֵאלֹהֵי אָבִי הָיָה עִמָּדִי: וְאַתֵּנָה
7 יְדַעְתֶּן כִּי בְּכָל־כֹּחִי עָבַדְתִּי אֶת־אֲבִיכֶן: וַאֲבִיכֶן הֵתֶל בִּי
וְהֶחֱלִף אֶת־מַשְׂכֻּרְתִּי עֲשֶׂרֶת מֹנִים וְלֹא־נְתָנוֹ אֱלֹהִים לְהָרַע
8 עִמָּדִי: אִם־כֹּה יֹאמַר נְקֻדִּים יִהְיֶה שְׂכָרֶךָ וְיָלְדוּ כָל־הַצֹּאן

זיינע רייד: 35 אונד ער האט אפגעטהון אין דעם זעלבען טאג דיא בעק דיא געשטרייפטע אונד דיא געפלעקטע, אונד אלע ציגען דיא געשטרייפטע אונד דיא געפלעקטע, אלעם וואס איז ווייס אין איהם, אונד איטליכעם רויטע אין דיא שאף, אונד ער האט זייא געגעבען אין דיא הענד פון זיינע זיהן: אונד ער האט געטהון א וועג פון דריי טעג צווישען זיך אונד צווישען יעקב, אונד יעקב האט געפאשעט דיא איבריגע שאף פון לבן: 37 אונד ער האט זיך גענומען פרישע שטעקען פון גרינע ביימער אונד מאנדעל ביימער אונד קאסטאניען ביימער, אונד ער האט געשיילט ווייסע שטרייפען, אויפגעדעקט דאס ווייסע וואס איז געוועזען אויף דיא שטעקען: 38 אונד ער האט געשטעלט די שטעקען וואס ער האט געשיילט, אין די קארעטעס, דיא קארעטעס פון וואסער אוואו דיא שאף פלעגען קומען צו טרינקען, ענטקעגען דיא שאף, אונד זייא האבען זיך דערהיצט, ווען זייא זענען געקומען צו טרינקען: 39 אונד דיא שאף האבען זיך דערהיצט (אדער עמפפאנגען) ביי דיא שטעקענס, אונד דיא שאף האבען געבוירען געשטרייפטע, געשפרענקעלטע, אונד געפלעקטע: 40 אונד יעקב האט דיזע לעמער אפגעשייד, אונד ער האט געטהון דאס פנים פון דיא שאף צו דיא געשפרענקעלטע, אונד אלע רויטע אונטער דיא שאף פון לבן, אונד ער האט געשטעלט פאר זיך סטאדעס בעזונדער, אונד ער האט זייא ניט געטהון מיט דיא שאף פון לבן: 41 אונד עס איז געוועזען ביי איטליכען דערהיצען פון דיא שטארקע שאף, אזוי האט יעקב געטהון דיא שטעקענס פאר דיא אויגען פון דיא שאף אין דיא קארעטעס, זייא זאלען זיך דערהיצען ביי דיא שטעקענס: 42 אבער ווען דיא שאף זענען שוואך געוועזען האט ער זייא ניט געטהון, אונד דיא שוואכע זענען געוועזען פאר לבן אונד דיא שטארקע פאר יעקב: 43 אונד דער מאן האט זיך גאנץ זעהר אויסגעברייט, אונד ער האט געהאט פיל שאף אונד דינסטען אונד קנעכט אונד קעמעל אונד אייזעל:

קאפיטעל לא

1 אונד ער האט געהערט דיא ווערטער פון דיא זיהן פון לבן, אזוי צו זאגען, יעקב האט אוועק גענומען אלעם וואס איז געוועזען צו אונזער פאטער, אונד פון דעם וואס איז געוועזען צו אונזער פאטער האט ער זיך אזוי רייך געמאכט: 2 אונד יעקב האט געזעהען דאס פנים פון לבן, אונד זעה, ער איז ניט מיט איהם געוועזען אזוי וויא נעכטען אונד אייער־נעכטען: 3 אונד גאט האט געזאגט צו יעקב, קער צוריק צו דעם לאנד פון דיינע עלטערען אונד צו דיינע געבורט, אונד איך וועל מיט דיר זיין: 4 אונד יעקב האט געשיקט אונד ער האט געלאזט רופען רחל אונד לאה אויף דעם פעלד ביי זיינע שאף: 5 אונד ער האט צו זייא געזאגט, איך זעה דאס פנים פון אייער פאטער, דאס ער איז ניט צו מיר אזוי וויא נעכטען אונד אייער־נעכטען, אונד דער גאט פון מיין פאטער איז מיט מיר געוועזען: 6 אונד איהר ווייסט דאך דאס מיט מיינע גאנצע קראפט האב איך אייער פאטער געדינט: 7 אונד אייער פאטער האט מיך בעטרוגען, אונד ער האט פארביטען מיין לוין צעהן מאל, אבער גאט האט איהם ניט צוגעלאזט מיר שלעכטעס צו טהון: 8 ווען ער האט געזאגט, דאס דיא געפלעקטע זאל זיין דיין לוין, אזוי האבען אלע שאף געבוירען
געפלעקטע

גֶעפְלֶעקְטֶע, אוּנְד וֶוען עֶר הָאט גֶעזָאגְט, דָאס גֶעשְׁטְרֵייפְטֶע זָאל זַיין דַיין לוֹין, אַזוֹי הָאבֶּען אַלֶע שָׁאף גֶעבּוֹירֶען גֶעשְׁטְרֵייפְּטֶע׃ 9 אוּנְד גָאט הָאט אָפְּגֶעשְׁטֶעלְט דִיא שָׁאף פוּן אֵייעֶר פָאטֶער, אוּנְד עֶר הָאט זֵייא צוּ מִיר גֶעגֶעבֶּען׃ 10 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אִין דֶער צֵייט וָואס דִיא שָׁאף דֶערְהִיצֶען זִיךְ, אוּנְד וֶוען אִיךְ הָאבּ אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען מֵיינֶע אוֹיגֶען, אַזוֹי הָאבּ אִיךְ גֶעזֶעהֶען אִין דֶעם חָלוֹם, אוּנְד זֶעה, דִיא בֶּעק וָואס זֶענֶען אוֹיפְגֶעגַאנְגֶען אוֹיף דִיא שָׁאף, זֶענֶען גֶעוֶועזֶען גֶעשְׁטְרֵייפְטֶע גֶעפְלֶעקְטֶע אוּנְד גֶעשְׁפְּרֶענְקֶעלְטֶע׃ 11 אוּנְד דֶער מַלְאַךְ פוּן גָאט הָאט צוּ מִיר גֶעזָאגְט אִין חָלוֹם, יַעֲקֹב, אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעזָאגְט, הִיר בִּין אִיךְ׃ 12 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, הֵייבּ אוֹיף דֵיינֶע אוֹיגֶען, אוּנְד זֶעה, אַלֶע בֶּעק וָואס גֵייעֶן אַרוֹיף אוֹיף דִיא שָׁאף זֶענֶען גֶעשְׁטְרֵייפְטֶע, גֶעפְלֶעקְטֶע אוּנְד גֶעשְׁפְּרֶענְקֶעלְטֶע, וָוארִין אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען אַלֶעס וָואס לָבָן הָאט צוּ דִיר גֶעטְהוּן׃ 13 אִיךְ בִּין דֶער גָאט פוּן בֵּית אֵל, וְואוּ דוּא הָאסְט דָארְט גֶעזַאלְבְּט אַ דֶענְקְמָאל, וְואוּ דוּא הָאסְט צוּ מִיר דָארְט אַ נֶדֶר גֶעטְהוּן. אִיצְט שְׁטֶעה אוֹיף אוּנְד גֵייא אַרוֹים פוּן דִיזֶען לַאנְד, אוּנְד קֶער צוּרִיק צוּ דֶעם לַאנְד פוּן דֵיינֶע גֶעבּוּרְט׃ 14 אוּנְד רָחֵל אוּנְד לֵאָה הָאבֶּען גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, אִיז דֶען נָאךְ צוּ אוּנְס אַ טֵייל אָדֶער עֶרְבְשַׁאפְט אִין דֶעם הוֹיז פוּן אוּנְזֶער פָאטֶער? 15 זֶענֶען מִיר דֶען נִיט צוּ אִיהְם גֶערֶעכֶענְט אַזוֹי וִויא פְרֶעמְדֶע? וָוארִין עֶר הָאט אוּנְס פֶערְקוֹיפְט, אוּנְד עֶר הָאט אוֹיךְ גֶעווּיס אוֹיפְגֶעגֶעסֶען אוּנְזֶער גֶעלְד׃ 16 דֶען דֶער גַאנְצֶער רֵייכְטְהוּם וָואס גָאט הָאט אָפְּגֶעשְׁטֶעלְט פוּן אוּנְזֶער פָאטֶער, דָאס גֶעהֶערְט צוּ אוּנְס אוּנְד צוּ אוּנְזֶערֶע קִינְדֶער, אוּנְד אִיצְט אַלֶעס וָואס גָאט הָאט צוּ דִיר גֶעזָאגְט טְהוּ׃ 17 אוּנְד יַעֲקֹב אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען אוּנְד עֶר הָאט אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען זֵיינֶע קִינְדֶער אוּנְד זֵיינֶע ווַייבֶּער אוֹיף דִיא קֶעמֶעל׃ 18 אוּנְד עֶר הָאט אַוֶועק גֶעפִיהְרְט זֵיין גַאנְצֶעס פִיךְ, אוּנְד זֵיין גַאנְצֶעס פַארְמֶעגֶען וָואס עֶר הָאט עֶרְוָוארְבֶּען אִין פַּדַּן אֲרָם, כְּדֵי צוּ קוּמֶען צוּ יִצְחָק זֵיין פָאטֶער, צוּ דֶעם לַאנְד כְּנַעַן׃ 19 אוּנְד לָבָן אִיז גֶעגַאנְגֶען צוּ שֶׁערֶען זֵיינֶע שָׁאף, אוּנְד רָחֵל הָאט גֶעגַנְבֶעט דִיא גֶעצֶען־בִּילְדֶער וָואס הָאבֶּען גֶעהֶערְט צוּ אִיהְר פָאטֶער׃ 20 אוּנְד יַעֲקֹב הָאט גֶעגַנְבֶעט דָאס הַארְץ פוּן לָבָן אֲרַמִּי ווַייל עֶר הָאט אִיהְם נִיט גֶעזָאגְט דָאס עֶר ווִיל אַנְטְלוֹיפֶען׃ 21 אוּנְד עֶר אִיז אַנְטְלָאפֶען, אוּנְד אַלֶעס וָואס עֶר הָאט גֶעהַאט, אוּנְד עֶר אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען, אוּנְד עֶר אִיז אַרִיבֶּערגֶעגַאנְגֶען אִיבֶּער דֶעם שְׁטְרָאם, אוּנְד עֶר הָאט גֶעטְהוּן זֵיין פָּנִים צוּ דֶעם בַּארְג גִלְעָד׃ 22 אוּנְד אִין דֶעם דְרִיטֶען טָאג אִיז עֶס אָנְגֶעזָאגְט גֶעוָוארֶען צוּ לָבָן דָאס יַעֲקֹב אִיז אַנְטְלָאפֶען׃ 23 אוּנְד עֶר הָאט מִיט זִיךְ גֶענוּמֶען זֵיינֶע בְּרִידֶער, אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם נָאכְגֶעיָאגְט, אַ וֶועג פוּן זִיבֶּען טֶעג, אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ צוּ אִיהְם בֶּעהֶעפְט בַּייא דֶעם בַּארְג גִלְעָד׃ 24 אוּנְד גָאט אִיז גֶעקוּמֶען צוּ לָבָן אֲרַמִּי אִין דֶעם חָלוֹם בַּייא נַאכְט, אוּנְד עֶר הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, הִיט דִיךְ, אַז דוּא זָאלְסְט נִיט רֶעדֶען מִיט יַעֲקֹב פוּן גוּטֶעס בִּיז שְׁלֶעכְטֶעס׃ 25 אוּנְד לָבָן הָאט עֶרְגְרֵייכְט יַעֲקֹב, אוּנְד יַעֲקֹב הָאט אוֹיפְגֶעשְׁטֶעלְט זֵיין גֶעצֶעלְט אוֹיף דֶעם בַּארְג, אוּנְד לָבָן אוּנְד זֵיינֶע בְּרִידֶער הָאבֶּען אוֹיפְגֶעשְׁטֶעלְט אוֹיף דֶעם בַּארְג גִלְעָד׃ 26 אוּנְד לָבָן הָאט גֶעזָאגְט צוּ יַעֲקֹב, וָואס הָאסְט דוּא גֶעטְהוּן, דָאס דוּא הָאסְט גֶעגַאנְבֶעט מֵיין הַארְץ, אוּנְד דוּא הָאסְט אַוֶועקגֶעפִיהְרְט מֵיינֶע טֶעכְטֶער וִויא גֶעפַאנְגֶענֶע פוּן דֶעם שְׁוֶוערְט? 27 וָוארוּם בִּיסְט דוּא אִים פַארְבָּארְגֶענֶעם

אנטלאפען

נְקֻדִּים וְאִם־כֹּה יֹאמַר עֲקֻדִּים יִהְיֶה שְׂכָרֶךָ וְיָלְדוּ כָל־
הַצֹּאן עֲקֻדִּים׃ וַיַּצֵּל אֱלֹהִים אֶת־מִקְנֵה אֲבִיכֶם וַיִּתֶּן־לִי׃ 9
וַיְהִי בְּעֵת יַחֵם הַצֹּאן וָאֶשָּׂא עֵינַי וָאֵרֶא בַּחֲלוֹם וְהִנֵּה •
הָעַתֻּדִים הָעֹלִים עַל־הַצֹּאן עֲקֻדִּים נְקֻדִּים וּבְרֻדִּים׃
וַיֹּאמֶר אֵלַי מַלְאַךְ הָאֱלֹהִים בַּחֲלוֹם יַעֲקֹב וָאֹמַר הִנֵּנִי׃ 11
וַיֹּאמֶר שָׂא־נָא עֵינֶיךָ וּרְאֵה כָּל־הָעַתֻּדִים הָעֹלִים עַל־ 12
הַצֹּאן עֲקֻדִּים נְקֻדִּים וּבְרֻדִּים כִּי רָאִיתִי אֵת כָּל־אֲשֶׁר לָבָן
עֹשֶׂה לָּךְ׃ אָנֹכִי הָאֵל בֵּית־אֵל אֲשֶׁר מָשַׁחְתָּ שָּׁם מַצֵּבָה 13
אֲשֶׁר נָדַרְתָּ לִּי שָׁם נֶדֶר עַתָּה קוּם צֵא מִן־הָאָרֶץ הַזֹּאת
וְשׁוּב אֶל־אֶרֶץ מוֹלַדְתֶּךָ׃ וַתַּעַן רָחֵל וְלֵאָה וַתֹּאמַרְנָה לוֹ 14
הַעוֹד לָנוּ חֵלֶק וְנַחֲלָה בְּבֵית אָבִינוּ׃ הֲלוֹא נָכְרִיּוֹת טו
נֶחְשַׁבְנוּ לוֹ כִּי מְכָרָנוּ וַיֹּאכַל גַּם־אָכוֹל אֶת־כַּסְפֵּנוּ׃ כִּי 16
כָל־הָעֹשֶׁר אֲשֶׁר הִצִּיל אֱלֹהִים מֵאָבִינוּ לָנוּ הוּא וּלְבָנֵינוּ
וְעַתָּה כֹּל אֲשֶׁר אָמַר אֱלֹהִים אֵלֶיךָ עֲשֵׂה׃ וַיָּקָם יַעֲקֹב 17
וַיִּשָּׂא אֶת־בָּנָיו וְאֶת־נָשָׁיו עַל־הַגְּמַלִּים׃ וַיִּנְהַג אֶת־כָּל־ 18
מִקְנֵהוּ וְאֶת־כָּל־רְכֻשׁוֹ אֲשֶׁר רָכָשׁ מִקְנֵה קִנְיָנוֹ אֲשֶׁר
רָכַשׁ בְּפַדַּן אֲרָם לָבוֹא אֶל־יִצְחָק אָבִיו אַרְצָה כְּנָעַן׃
וְלָבָן הָלַךְ לִגְזֹז אֶת־צֹאנוֹ וַתִּגְנֹב רָחֵל אֶת־הַתְּרָפִים אֲשֶׁר 19
לְאָבִיהָ׃ וַיִּגְנֹב יַעֲקֹב אֶת־לֵב לָבָן הָאֲרַמִּי עַל־בְּלִי הִגִּיד כ
לוֹ כִּי בֹרֵחַ הוּא׃ וַיִּבְרַח הוּא וְכָל־אֲשֶׁר־לוֹ וַיָּקָם וַיַּעֲבֹר 21
אֶת־הַנָּהָר וַיָּשֶׂם אֶת־פָּנָיו הַר הַגִּלְעָד׃ וַיֻּגַּד לְלָבָן בַּיּוֹם 22
הַשְּׁלִישִׁי כִּי בָרַח יַעֲקֹב׃ וַיִּקַּח אֶת־אֶחָיו עִמּוֹ וַיִּרְדֹּף 23
אַחֲרָיו דֶּרֶךְ שִׁבְעַת יָמִים וַיַּדְבֵּק אֹתוֹ בְּהַר הַגִּלְעָד׃ וַיָּבֹא 24
אֱלֹהִים אֶל־לָבָן הָאֲרַמִּי בַּחֲלֹם הַלָּיְלָה וַיֹּאמֶר לוֹ הִשָּׁמֶר
לְךָ פֶּן־תְּדַבֵּר עִם־יַעֲקֹב מִטּוֹב עַד־רָע׃ וַיַּשֵּׂג לָבָן אֶת־ כה
יַעֲקֹב וְיַעֲקֹב תָּקַע אֶת־אָהֳלוֹ בָּהָר וְלָבָן תָּקַע אֶת־אֶחָיו
בְּהַר הַגִּלְעָד׃ וַיֹּאמֶר לָבָן לְיַעֲקֹב מֶה עָשִׂיתָ וַתִּגְנֹב אֶת־ 26
לְבָבִי וַתְּנַהֵג אֶת־בְּנֹתַי כִּשְׁבֻיוֹת חָרֶב׃ לָמָּה נַחְבֵּאתָ 27

לִבְרֹחַ וַתִּגְנֹב אֹתִי וְלֹא־הִגַּדְתָּ לִּי וָאֲשַׁלֵּחֲךָ בְּשִׂמְחָה
28 וּבְשִׁרִים בְּתֹף וּבְכִנּוֹר: וְלֹא נְטַשְׁתַּנִי לְנַשֵּׁק לְבָנַי וְלִבְנֹתָי
29 עַתָּה הִסְכַּלְתָּ עֲשׂוֹ: יֶשׁ־לְאֵל יָדִי לַעֲשׂוֹת עִמָּכֶם רָע וֵאלֹהֵי
אֲבִיכֶם אֶמֶשׁ ׀ אָמַר אֵלַי לֵאמֹר הִשָּׁמֶר לְךָ מִדַּבֵּר עִם־
ל יַעֲקֹב מִטּוֹב עַד־רָע: וְעַתָּה הָלֹךְ הָלַכְתָּ כִּי־נִכְסֹף נִכְסַפְתָּה
31 לְבֵית אָבִיךָ לָמָּה גָנַבְתָּ אֶת־אֱלֹהָי: וַיַּעַן יַעֲקֹב וַיֹּאמֶר
לְלָבָן כִּי יָרֵאתִי כִּי אָמַרְתִּי פֶּן־תִּגְזֹל אֶת־בְּנוֹתֶיךָ מֵעִמִּי:
32 עִם אֲשֶׁר תִּמְצָא אֶת־אֱלֹהֶיךָ לֹא יִחְיֶה נֶגֶד אַחֵינוּ הַכֶּר־
לְךָ מָה עִמָּדִי וְקַח־לָךְ וְלֹא־יָדַע יַעֲקֹב כִּי רָחֵל גְּנָבָתַם:
33 וַיָּבֹא לָבָן בְּאֹהֶל־יַעֲקֹב ׀ וּבְאֹהֶל לֵאָה וּבְאֹהֶל שְׁתֵּי
הָאֲמָהֹת וְלֹא מָצָא וַיֵּצֵא מֵאֹהֶל לֵאָה וַיָּבֹא בְּאֹהֶל רָחֵל:
34 וְרָחֵל לָקְחָה אֶת־הַתְּרָפִים וַתְּשִׂמֵם בְּכַר הַגָּמָל וַתֵּשֶׁב
לה עֲלֵיהֶם וַיְמַשֵּׁשׁ לָבָן אֶת־כָּל־הָאֹהֶל וְלֹא מָצָא: וַתֹּאמֶר
אֶל־אָבִיהָ אַל־יִחַר בְּעֵינֵי אֲדֹנִי כִּי לוֹא אוּכַל לָקוּם מִפָּנֶיךָ
36 כִּי־דֶרֶךְ נָשִׁים לִי וַיְחַפֵּשׂ וְלֹא מָצָא אֶת־הַתְּרָפִים: וַיִּחַר
לְיַעֲקֹב וַיָּרֶב בְּלָבָן וַיַּעַן יַעֲקֹב וַיֹּאמֶר לְלָבָן מַה־פִּשְׁעִי
37 מַה חַטָּאתִי כִּי דָלַקְתָּ אַחֲרָי: כִּי־מִשַּׁשְׁתָּ אֶת־כָּל־כֵּלַי
מַה־מָּצָאתָ מִכֹּל כְּלֵי־בֵיתֶךָ שִׂים כֹּה נֶגֶד אַחַי וְאַחֶיךָ
38 וְיוֹכִיחוּ בֵּין שְׁנֵינוּ: זֶה עֶשְׂרִים שָׁנָה אָנֹכִי עִמָּךְ רְחֵלֶיךָ
39 וְעִזֶּיךָ לֹא שִׁכֵּלוּ וְאֵילֵי צֹאנְךָ לֹא אָכָלְתִּי: טְרֵפָה לֹא־
הֵבֵאתִי אֵלֶיךָ אָנֹכִי אֲחַטֶּנָּה מִיָּדִי תְּבַקְשֶׁנָּה גְּנֻבְתִי יוֹם
מ וּגְנֻבְתִי לָיְלָה: הָיִיתִי בַיּוֹם אֲכָלַנִי חֹרֶב וְקֶרַח בַּלָּיְלָה
41 וַתִּדַּד שְׁנָתִי מֵעֵינָי: זֶה־לִּי עֶשְׂרִים שָׁנָה בְּבֵיתֶךָ עֲבַדְתִּיךָ
אַרְבַּע־עֶשְׂרֵה שָׁנָה בִּשְׁתֵּי בְנֹתֶיךָ וְשֵׁשׁ שָׁנִים בְּצֹאנֶךָ
42 וַתַּחֲלֵף אֶת־מַשְׂכֻּרְתִּי עֲשֶׂרֶת מֹנִים: לוּלֵי אֱלֹהֵי אָבִי
אֱלֹהֵי אַבְרָהָם וּפַחַד יִצְחָק הָיָה לִי כִּי עַתָּה רֵיקָם שִׁלַּחְתָּנִי
43 אֶת־עָנְיִי וְאֶת־יְגִיעַ כַּפַּי רָאָה אֱלֹהִים וַיּוֹכַח אָמֶשׁ: וַיַּעַן

אַנְטְלָאפֶען אוּנְד דוּא הָאסְט מִיךְ בֶּעגַנְבֶעט, אוּנְד דוּא הָאסְט עֶס מִיר נִיט גֶעזָאגְט, אִיךְ וָואלְט דִיךְ אַוֶועק גֶעשִׁיקְט מִיט פְרֵייְדֶען אוּנְד מִיט גֶעזַאנְג, מִיט פּוֹיקֶען אוּנְד מִיט הַארְפֶען? 28 אוּנְד דוּא הָאסְט מִיךְ נִיט צוּ גֶעלָאזְען צוּ קוּשֶׁען מֵיינֶע זִיהְן אוּנְד מֵיינֶע טֶעכְטֶער, אִיצְט דוּא הָאסְט נַארִישׁ גֶעטְהוּן: 29 עֶס אִיז מֵיינֶע קְרַאפְט צוּ טְהוּן מִיט אֵייךְ שְׁלֶעכְטֶעס, אָבֶּער דֶער גָאט פוּן אֵייעֶרע פֶעטֶער הָאט נֶעכְטֶען צוּ מִיר גֶעזָאגְט, הִיט דִיךְ דָאס דוּא זָאלְסְט נִיט רֶעדֶען מִיט יַעֲקֹב פוּן גוּטֶעס בִּיז שְׁלֶעכְטֶעס: 30 אוּנְד אִיצְט בִּיסְט דוּא אַוֶועק גֶעגַאנְגֶען, וֵוייל דוּא הָאסְט זֶעהְר גֶעגְלוּסְט נָאךְ דֵיין פָאטֶערְס הוֹיז, פַאר וָואס הָאסְט דוּא גֶעגַנְבֶעט מֵיין גָאט? 31 אוּנְד יַעֲקֹב הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט צוּ לָבָן, וֵוייל אִיךְ הָאבּ מוֹרָא גֶעהַאט, וָוארִין אִיךְ הָאבּ גֶעמֵיינְט, טָאמֶער וֶועסְט דוּא רוֹיבֶּען דֵיינֶע טֶעכְטֶער פוּן מִיר: 32 בֵּייא וֶועמֶען דוּא וֶועסְט גֶעפִינֶען דֵיינֶע גֶעטֶער דֶער זָאל נִיט לֶעבֶּען, אִין דֶער גֶעגֶענְוַוארְט פוּן אוּנְזֶערֶע בְּרִידֶער דֶערְקֶען וָואס דֵיין אִיז בֵּייא מִיר, אוּנְד נֶעם עֶס צוּ דִיר, וָוארִין יַעֲקֹב הָאט נִיט גֶעוְוּאוּסְט דָאס רָחֵל הָאט זֵייא גֶע־גַנְבֶעט: 33 אוּנְד לָבָן אִיז גֶעקוּמֶען אִין דֶעם גֶעצֶעלְט פוּן יַעֲקֹב, אוּנְד אִין דֶעם גֶעצֶעלְט פוּן לֵאָה, אוּנְד אִין דֶעם גֶעצֶעלְט פוּן דִיא צְוֵוייא דִינְסְטֶען, אוּנְד עֶר הָאט נִיט גֶעפוּנֶען, אוּנְד עֶר אִיז אַרוֹיס גֶעגַאנְגֶען פוּן דֶעם גֶעצֶעלְט פוּן לֵאָה, אוּנְד אִיז גֶעקוּמֶען אִין דֶעם גֶעצֶעלְט פוּן רָחֵל: 34 אוּנְד רָחֵל הָאט גֶענוּמֶען דִיא גֶעצֶען־בִּילְדֶער אוּנְד הָאט זֵייא גֶעטְהוּן אִין דֶעם זָאטֶעל פוּן דֶעם קֶעמֶעל, אוּנְד זִיא הָאט זִיךְ אוֹיף זֵייא גֶעזֶעצְט, אוּנְד לָבָן הָאט בֶּעטַאפְּט דָאס גַאנְצֶע גֶעצֶעלְט, אוּנְד עֶר הָאט נִיט גֶעפוּנֶען: 35 אוּנְד זִיא הָאט גֶעזָאגְט צוּ אִיהְר פָאטֶער, לָאז עֶס נִיט פֶערְדְרִיסֶען אִין דִיא אוֹיגֶען פוּן מֵיין הַאר, דָאס אִיךְ קֶען נִיט אוֹיפְשְׁטֵיין פַאר דִיר, דֶען עֶס אִיז צוּ מִיר נָאךְ דֶעם שְׁטֵייגֶער פוּן דִיא וַוייבֶּער, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזוּכְט, אָבֶּער עֶר הָאט נִיט גֶעפוּנֶען דִיא גֶעצֶען־בִּילְדֶער: 36 אוּנְד עֶס הָאט יַעֲקֹב פֶערְדְרָאסֶען, אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ גֶעקְרִיגְט מִיט לָבָן, אוּנְד יַעֲקֹב הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט צוּ לָבָן, וָואס אִיז מֵיינֶע שׁוּלְד, אוּנְד וָואס אִיז מֵיינֶע זִינְד וָואס דוּא הָאסְט מִיךְ אַזוֹי נָאכְגֶעיָאגְט? 37 וָוארִין דוּא הָאסְט בֶּעטַאפְּט אַלֶע מֵיינֶע כֵּלִים, וָואס הָאסְט דוּא גֶעפוּנֶען פוּן אַלֶע כֵּלִים פוּן דֵיין הוֹיז, טְהוּא אַזָאלְכֶעס הִיר פַאר מֵיינֶע בְּרִידֶער אוּנְד דֵיינֶע בְּרִידֶער, אוּנְד לָאזֶען זֵייא רִיכְטֶען צְוִוישֶׁען אוּנְס בֵּיידֶע: 38 דִיא דָאזִיגֶע צְוַואנְצִיג יָאהְר בִּין אִיךְ בֵּייא דִיר גֶעוֶועזֶען, דֵיינֶע שָׁאף אוּנְד דֵיינֶע צִיגֶען הָאבֶּען נִיט פֶערְוָוארְפֶען, אוּנְד דִיא וִוידְדֶער פוּן דֵיינֶע שָׁאף הָאבּ אִיךְ נִיט גֶעגֶעסֶען: 39 אַ פַארְצוּקְטֶעס (טְרֵפָה) הָאבּ אִיךְ דִיר נִיט גֶעבְּרַאכְט, מִיר הָאט עֶס גֶעפֶעלְט, פוּן מֵיינֶע הַאנְד הָאסְט דוּא עֶס פֶערְלַאנְגְט, וָואס אִיז גֶעגַנְבֶעט גֶעוָוארֶען בֵּייא טָאג אוּנְד וָואס עֶס אִיז גֶעגַנְבֶעט גֶעוָוארֶען בֵּייא נַאכְט: 40 אִיךְ בִּין גֶעוֶועזֶען בֵּייא טָאג פַארְצֶעהְרְט פוּן דִיא הִיץ, אוּנְד פוּן דִיא קֶעלְט בֵּייא נַאכְט, אוּנְד עֶס אִיז פַארְוָואגֶעלְט גֶעוָוארֶען דֶער שְׁלָאף פוּן מֵיינֶע אוֹיגֶען: 41 דִיא דָאזִיגֶע צְוַואנְצִיג יָאהְר הָאבּ אִיךְ דִיר גֶעדִינְט, אִיךְ בִּין גֶעוֶועזֶען אִין דֵיין הוֹיז, פֶערְצֶעהְן יָאהְר וֶועגֶען דֵיינֶע צְוֵוייא טֶעכְטֶער, אוּנְד זֶעקְס יָאהְר וֶועגֶען דֵיינֶע שָׁאף, אוּנְד דוּא הָאסְט פֶערְבִּיטֶען מֵיין לוֹין צֶעהְן מָאל: 42 וֶוען עֶס וֶוער נִיט דֶער גָאט פוּן מֵיין פָאטֶער, דֶער גָאט פוּן אַבְרָהָם. אוּנְד דִיא פוּרְכְט פוּן יִצְחָק וָואלְט נִיט גֶעוֶועזֶען מִיט מִיר, אַזוֹי הֶעטְסְט דוּא מִיךְ אִיצְט לֵיידִיג אַוֶועק גֶעשִׁיקְט, אָבֶּער גָאט הָאט גֶע־זֶעהֶען מֵיין פֵּיין אוּנְד דִיא אַרְבֵּייט פוּן מֵיינֶע הֶענְד, אוּנְד עֶר הָאט דִיךְ נֶעכְטֶען גֶעשְׁטְרָאפְט:

אונד

לָבָן וַיֹּאמֶר אֶל־יַעֲקֹב הַבָּנוֹת בְּנֹתַי וְהַבָּנִים בָּנַי וְהַצֹּאן
צֹאנִי וְכֹל אֲשֶׁר־אַתָּה רֹאֶה לִי־הוּא וְלִבְנֹתַי מָה־אֶעֱשֶׂה
לָאֵלֶּה הַיּוֹם אוֹ לִבְנֵיהֶן אֲשֶׁר יָלָדוּ׃ וְעַתָּה לְכָה נִכְרְתָה 44
בְרִית אֲנִי וָאָתָּה וְהָיָה לְעֵד בֵּינִי וּבֵינֶךָ׃ וַיִּקַּח יַעֲקֹב אָבֶן מה
וַיְרִימֶהָ מַצֵּבָה׃ וַיֹּאמֶר יַעֲקֹב לְאֶחָיו לִקְטוּ אֲבָנִים וַיִּקְחוּ 46
אֲבָנִים וַיַּעֲשׂוּ־גָל וַיֹּאכְלוּ שָׁם עַל־הַגָּל׃ וַיִּקְרָא־לוֹ לָבָן 47
יְגַר שָׂהֲדוּתָא וְיַעֲקֹב קָרָא לוֹ גַּלְעֵד׃ וַיֹּאמֶר לָבָן הַגַּל 48
הַזֶּה עֵד בֵּינִי וּבֵינְךָ הַיּוֹם עַל־כֵּן קָרָא־שְׁמוֹ גַּלְעֵד׃
וְהַמִּצְפָּה אֲשֶׁר אָמַר יִצֶף יְהוָה בֵּינִי וּבֵינֶךָ כִּי נִסָּתֵר אִישׁ 49
מֵרֵעֵהוּ׃ אִם־תְּעַנֶּה אֶת־בְּנֹתַי וְאִם־תִּקַּח נָשִׁים עַל־בְּנֹתַי נ
אֵין אִישׁ עִמָּנוּ רְאֵה אֱלֹהִים עֵד בֵּינִי וּבֵינֶךָ׃ וַיֹּאמֶר לָבָן 51
לְיַעֲקֹב הִנֵּה ׀ הַגַּל הַזֶּה וְהִנֵּה הַמַּצֵּבָה אֲשֶׁר יָרִיתִי בֵּינִי
וּבֵינֶךָ׃ עֵד הַגַּל הַזֶּה וְעֵדָה הַמַּצֵּבָה אִם־אָנִי לֹא־אֶעֱבֹר 52
אֵלֶיךָ אֶת־הַגַּל הַזֶּה וְאִם־אַתָּה לֹא־תַעֲבֹר אֵלַי אֶת־הַגַּל
הַזֶּה וְאֶת־הַמַּצֵּבָה הַזֹּאת לְרָעָה׃ אֱלֹהֵי אַבְרָהָם וֵאלֹהֵי 53
נָחוֹר יִשְׁפְּטוּ בֵינֵינוּ אֱלֹהֵי אֲבִיהֶם וַיִּשָּׁבַע יַעֲקֹב בְּפַחַד
אָבִיו יִצְחָק׃ וַיִּזְבַּח יַעֲקֹב זֶבַח בָּהָר וַיִּקְרָא לְאֶחָיו לֶאֱכָל־ 54
לָחֶם וַיֹּאכְלוּ לֶחֶם וַיָּלִינוּ בָּהָר׃

## לב

לב

וַיַּשְׁכֵּם לָבָן בַּבֹּקֶר וַיְנַשֵּׁק לְבָנָיו וְלִבְנוֹתָיו וַיְבָרֶךְ אֶתְהֶם א
וַיֵּלֶךְ וַיָּשָׁב לָבָן לִמְקֹמוֹ׃ וְיַעֲקֹב הָלַךְ לְדַרְכּוֹ וַיִּפְגְּעוּ־בוֹ 2
מַלְאֲכֵי אֱלֹהִים׃ וַיֹּאמֶר יַעֲקֹב כַּאֲשֶׁר רָאָם מַחֲנֵה אֱלֹהִים 3
זֶה וַיִּקְרָא שֵׁם־הַמָּקוֹם הַהוּא מַחֲנָיִם׃

פ פ פ ח

וַיִּשְׁלַח יַעֲקֹב מַלְאָכִים לְפָנָיו אֶל־עֵשָׂו אָחִיו אַרְצָה שֵׂעִיר 4
שְׂדֵה אֱדוֹם׃ וַיְצַו אֹתָם לֵאמֹר כֹּה תֹאמְרוּן לַאדֹנִי לְעֵשָׂו ה
כֹּה אָמַר עַבְדְּךָ יַעֲקֹב עִם־לָבָן גַּרְתִּי וָאֵחַר עַד־עָתָּה׃

43 אונד לבן האט געענטפערט, אונד האט געזאגט צו יעקב, דיא טעכטער זענען מיינע טעכטער, אונד דיא זיהן זענען מיינע זיהן, אונד דיא שאף זענען מיינע שאף, אונד אלעם וואס דו זעהסט דאס געהערט צו מיר, אבער וואס זאל איך היינט טהון צו דיזע מיינע טעכטער? אדער צו זיירע זיהן וואס זייא האבען געווינען? 44 אונד איצט, קום, אונד מיר וועלען כורת ברית זיין, איך אונד דוא, אונד עס זאל זיין צו איין עדות צווישען מיר אונד צווישען דיר: 45 אונד יעקב האט גענומען א שטיין, אונד האט איהם אויפגעשטעלט פאר א מצבה: 46 אונד יעקב האט געזאגט צו זיינע ברידער, זאמעלט שטיינער, אונד זייא האבען גענומען דיא שטיינער אונד זייא האבען געמאכט א הויפען, אונד זייא האבען דארט אויף דעם הויפען געגעסען: 47 אונד לבן האט איהם גערופען יגר שהדותא, אבער יעקב האט איהם גערופען גלעד: 48 אונד לבן האט געזאגט, דיזער הויפען איז איין עדות צווישען מיר אונד צווישען דיר היינט, דארום האט מען גערופען זיין נאמען גלעד: 49 אונד מצפה (וואכטהורם), ווארין ער האט געזאגט דער האר (גאט) זאל וואכען צווישען מיר אונד צווישען דיר, ווען מיר וועלען פערבארגען זיין איינער פון דעם אנדערען: 50 ווען דוא וועסט פייניגען מיינע טעכטער, אונד אויב דוא וועסט ווייבער נעמען נעבען מיינע טעכטער,—עס איז קיין מענש דא מיט אונס,—זעה, גאט איז איין עדות צווישען מיר אונד צווישען דיר: 51 אונד לבן האט געזאגט צו יעקב, זעה, דיזער הויפען, אונד זעה, דיזע מצבה וואס איך האב אויפגעשטעלט צווישען מיר אונד צווישען דיר: 52 דיזער הויפען איז איין עדות אונד דיזע מצבה איז איין עדות, אז איך וועל ניט איבערפארען דיזען הויפען צו דיר, אונד אז דוא וועסט ניט איבערפארען דיזען הויפען אונד דיזע מצבה, צום שלעכטען: 53 דער גאט פון אברהם, אונד דער גאט פון נחור, זאל ריכטען צווישען אונס, דער גאט פון זייער פאטער; אונד יעקב האט געשווארען בייא דער פורכט פון זיין פאטער יצחק: 54 אונד יעקב האט געשאכטען א שעכטונג אויף דעם בארג, אונד ער האט גערופען זיינע ברידער צו עסען ברויט, אונד זייא האבען געגעסען ברויט, אונד זייא האבען גענעכטיגט אויף דעם בארג:

## קאפיטעל לב

1 אונד לבן איז פריה אויפגעשטאנען אין דעם מארגען, אונד ער האט געקושט זיינע זיהן אונד זיינע טעכטער, אונד ער האט זייא געבענשט, אונד לבן איז אוועק געגאנגען, אונד איז צוריק געקערט צו זיין ארט: 2 אונד יעקב איז געגאנגען זיין וועג, אונד דיא מלאכים פון גאט האבען איהם באגעגענט: 3 אונד יעקב האט געזאגט, ווען ער האט זייא געזעהען, דאס איז א מחנה פון גאט, אונד ער האט גערופען דעם נאמען פון דעמזעלביגען ארט מחנים:

## וישלח

4 אונד יעקב האט געשיקט שלוחים פאר זיך צו עשו זיין ברודער, צו דעם לאנד שעיר, אין דעם פעלד פון אדום: 5 אונד ער האט זייא בעפוילען אזוי צו זאגען, אזוי זאלט איהר זאגען צו מיין האר, צו עשו; אזוי האט געזאגט דיין קנעכט יעקב, מיט לבן האב איך געוואוינט אונד איך האב מיך געזוימט ביז אצונד:

6 וַיְהִי־לִי שׁוֹר וַחֲמוֹר צֹאן וְעֶבֶד וְשִׁפְחָה וָאֶשְׁלְחָה לְהַגִּיד
7 לַאדֹנִי לִמְצֹא־חֵן בְּעֵינֶיךָ׃ וַיָּשֻׁבוּ הַמַּלְאָכִים אֶל־יַעֲקֹב
לֵאמֹר בָּאנוּ אֶל־אָחִיךָ אֶל־עֵשָׂו וְגַם הֹלֵךְ לִקְרָאתְךָ וְאַרְבַּע־
8 מֵאוֹת אִישׁ עִמּוֹ׃ וַיִּירָא יַעֲקֹב מְאֹד וַיֵּצֶר לוֹ וַיַּחַץ אֶת־
הָעָם אֲשֶׁר־אִתּוֹ וְאֶת־הַצֹּאן וְאֶת־הַבָּקָר וְהַגְּמַלִּים לִשְׁנֵי
9 מַחֲנוֹת׃ וַיֹּאמֶר אִם־יָבוֹא עֵשָׂו אֶל־הַמַּחֲנֶה הָאַחַת וְהִכָּהוּ
י וְהָיָה הַמַּחֲנֶה הַנִּשְׁאָר לִפְלֵיטָה׃ וַיֹּאמֶר יַעֲקֹב אֱלֹהֵי
אָבִי אַבְרָהָם וֵאלֹהֵי אָבִי יִצְחָק יְהוָה הָאֹמֵר אֵלַי שׁוּב
11 לְאַרְצְךָ וּלְמוֹלַדְתְּךָ וְאֵיטִיבָה עִמָּךְ׃ קָטֹנְתִּי מִכֹּל הַחֲסָדִים
וּמִכָּל־הָאֱמֶת אֲשֶׁר עָשִׂיתָ אֶת־עַבְדֶּךָ כִּי בְמַקְלִי עָבַרְתִּי
12 אֶת־הַיַּרְדֵּן הַזֶּה וְעַתָּה הָיִיתִי לִשְׁנֵי מַחֲנוֹת׃ הַצִּילֵנִי נָא
מִיַּד אָחִי מִיַּד עֵשָׂו כִּי־יָרֵא אָנֹכִי אֹתוֹ פֶּן־יָבוֹא וְהִכַּנִי אֵם
13 עַל־בָּנִים׃ וְאַתָּה אָמַרְתָּ הֵיטֵב אֵיטִיב עִמָּךְ וְשַׂמְתִּי אֶת־
14 זַרְעֲךָ כְּחוֹל הַיָּם אֲשֶׁר לֹא־יִסָּפֵר מֵרֹב׃ וַיָּלֶן שָׁם בַּלַּיְלָה
טו הַהוּא וַיִּקַּח מִן־הַבָּא בְיָדוֹ מִנְחָה לְעֵשָׂו אָחִיו׃ עִזִּים
מָאתַיִם וּתְיָשִׁים עֶשְׂרִים רְחֵלִים מָאתַיִם וְאֵילִים עֶשְׂרִים׃
16 גְּמַלִּים מֵינִיקוֹת וּבְנֵיהֶם שְׁלֹשִׁים פָּרוֹת אַרְבָּעִים וּפָרִים
17 עֲשָׂרָה אֲתֹנֹת עֶשְׂרִים וַעְיָרִם עֲשָׂרָה׃ וַיִּתֵּן בְּיַד־עֲבָדָיו
עֵדֶר עֵדֶר לְבַדּוֹ וַיֹּאמֶר אֶל־עֲבָדָיו עִבְרוּ לְפָנַי וְרֶוַח
18 תָּשִׂימוּ בֵּין עֵדֶר וּבֵין עֵדֶר׃ וַיְצַו אֶת־הָרִאשׁוֹן לֵאמֹר כִּי
יִפְגָשְׁךָ עֵשָׂו אָחִי וּשְׁאֵלְךָ לֵאמֹר לְמִי־אַתָּה וְאָנָה תֵלֵךְ
19 וּלְמִי אֵלֶּה לְפָנֶיךָ׃ וְאָמַרְתָּ לְעַבְדְּךָ לְיַעֲקֹב מִנְחָה הִוא
כ שְׁלוּחָה לַאדֹנִי לְעֵשָׂו וְהִנֵּה גַם־הוּא אַחֲרֵינוּ׃ וַיְצַו גַּם
אֶת־הַשֵּׁנִי גַּם אֶת־הַשְּׁלִישִׁי גַּם אֶת־כָּל־הַהֹלְכִים אַחֲרֵי
הָעֲדָרִים לֵאמֹר כַּדָּבָר הַזֶּה תְּדַבְּרוּן אֶל־עֵשָׂו בְּמֹצַאֲכֶם
21 אֹתוֹ׃ וַאֲמַרְתֶּם גַּם הִנֵּה עַבְדְּךָ יַעֲקֹב אַחֲרֵינוּ כִּי־אָמַר
אֲכַפְּרָה פָנָיו בַּמִּנְחָה הַהֹלֶכֶת לְפָנָי וְאַחֲרֵי־כֵן אֶרְאֶה

6 אונד איך האב אָקסען אונד אייזעל, שאף, קנעכט אונד דינסטען, אונד איך האב עס געשיקט צו מיין האר אָנצוזאגען, צו געפינען חן אין דיינע אויגען: 7 אונד דיא שלוחים זענען צוריק געקומען צו יעקב, אונד האבען געזאגט, מיר זענען געקומען צו דיין ברודער, צו עשו, אונד ער גייט אויך דיר ענטקעגען, אונד פיער הונדערט מאן זענען מיט איהם: 8 אונד יעקב האט זעהר מורא געהאט, אונד עס האט איהם לייד געטהון, אונד ער האט צוטיילט דאס פאלק וואס איז געוועזען מיט איהם, אונד דיא שאף אונד רינדער אונד דיא קעמעל אין צוויא מחנות: 9 אונד ער האט געזאגט, ווען עשו וועט קומען צו איין מחנה אונד ער וועט זיא שלאגען, אזוי וועט דיא איבער געבליבענע מחנה זיין צו אנטרינונג: 10 אונד יעקב האט געזאגט, אוי גאט פון מיין פאטער אברהם, אונד דער גאט פון מיין פאטער יצחק, גאט וואס האסט צו מיר געזאגט קער צוריק צו דיין לאנד אונד צו דיין געבורטס־ארט, אונד איך וועל טהון גוטעס מיט דיר: 11 איך בין צו קליין (ניט ווערט) פון אלע דיא גנאד אונד פון אלע דיא וואהרהייט, וואס דוא האסט געטהון מיט דיין קנעכט, וואָרין מיט מיין שטעקען בין איך אריבערגעגאנגען דיזען ירדן, אונד איצט אבער בין איך געווארען צו צוויא מחנות: 12 זייא מיך מציל פון דער האנד פון מיין ברודער, פון דיא האנד פון עשו, וואָרין איך האב פאר איהם מורא, טאמער וועט ער קומען אונד מיך דערשלאגען, דיא מוטער מיט דיא קינדער: 13 אונד דוא האסט געזאגט איך וועל זיכער גוטעס טהון מיט דיר, אונד איך וועל מאכען דיינע זאמען, אזוי וויא דעם זאנד פון דעם ים, וואס קען ניט געציילט ווערען וועגען פילהייט: 14 אונד ער האט דארט דיא זעלבע נאכט איבערגענעכטיגט, אונד ער האט גענומען פון דעם וואס איז געקומען אין זיינע האנד, א געשענק צו עשו זיין ברודער: 15 צוויא הונדערט ציגען, אונד צוואנציג בעק, צוויא הונדערט שאף, אונד צוואנציג ווידדער: 16 דרייסיג זייגענדיגע קעמעל אונד זייערע יונגען, פערציג קיה, אונד צעהן אקסען, צוואנציג אייזעלינען, אונד צעהן יונגע אייזעל: 17 אונד ער האט זייא געגעבען אין דיא הענד פון זיינע קנעכט, איטליכע סטאדע בעזונדער, אונד ער האט געזאגט צו זיינע קנעכט, גייט איבער פאר מיר, אונד מאכט איינע דערווייטערונג צווישען איינע סטאדע אונד צווישען דער אנדערע סטאדע: 18 אונד ער האט בעפוילען דעם ערשטען אזוי צו זאגען, ווען מיין ברודער עשו וועט דיך בעגעגענען, אונד וועט דיך פרעגען אונד זאגען, צו וועמען געהערסט דוא? אונד וואהין גייסט דוא? אונד צו וועמען געהערען דיזע פאר דיר? 19 אזוי זאלסט דוא זאגען, צו דיין קנעכט, צו יעקב, דאס איז איין געשענק וואס איז געשיקט געווארען צו מיין האר, צו עשו, אונד זעה ער איז אויך הינטער אונס: 20 אונד ער האט אויך בעפוילען דעם צווייטען, אויך דעם דריטען, אויך אלע דיא וועלכע זענען געגאנגען הינטער דיא סטאדעס, אזוי צו זאגען, אזוי וויא דיזע ווערטער זאלט איהר רעדען צו עשו ווען איהר וועט איהם אנטרעפען: 21 אונד איהר זאלט זאגען, זעה, אויך דיין קנעכט יעקב איז הינטער אונס, וואָרין ער האט געטראכט, איך וועל איהם שטיל מאכען (מכפר זיין) מיט דעם געשענק וואס גייט פאר מיר, אונד דערנאך וועל איך זעהען

פָּנָיו אוּלַי יִשָּׂא פָנָי׃ וַתַּעֲבֹר הַמִּנְחָה עַל־פָּנָיו וְהוּא לָן 22
בַּלַּיְלָה־הַהוּא בַּמַּחֲנֶה׃ וַיָּקָם ׀ בַּלַּיְלָה הוּא וַיִּקַּח אֶת־ 23
שְׁתֵּי נָשָׁיו וְאֶת־שְׁתֵּי שִׁפְחֹתָיו וְאֶת־אַחַד עָשָׂר יְלָדָיו
וַיַּעֲבֹר אֵת מַעֲבַר יַבֹּק׃ וַיִּקָּחֵם וַיַּעֲבִרֵם אֶת־הַנָּחַל וַיַּעֲבֵר 24
אֶת־אֲשֶׁר־לוֹ׃ וַיִּוָּתֵר יַעֲקֹב לְבַדּוֹ וַיֵּאָבֵק אִישׁ עִמּוֹ עַד כה
עֲלוֹת הַשָּׁחַר׃ וַיַּרְא כִּי לֹא יָכֹל לוֹ וַיִּגַּע בְּכַף־יְרֵכוֹ וַתֵּקַע 26
כַּף־יֶרֶךְ יַעֲקֹב בְּהֵאָבְקוֹ עִמּוֹ׃ וַיֹּאמֶר שַׁלְּחֵנִי כִּי עָלָה 27
הַשָּׁחַר וַיֹּאמֶר לֹא אֲשַׁלֵּחֲךָ כִּי אִם־בֵּרַכְתָּנִי׃ וַיֹּאמֶר אֵלָיו 28
מַה־שְּׁמֶךָ וַיֹּאמֶר יַעֲקֹב׃ וַיֹּאמֶר לֹא יַעֲקֹב יֵאָמֵר עוֹד 29
שִׁמְךָ כִּי אִם־יִשְׂרָאֵל כִּי־שָׂרִיתָ עִם־אֱלֹהִים וְעִם־אֲנָשִׁים
וַתּוּכָל׃ וַיִּשְׁאַל יַעֲקֹב וַיֹּאמֶר הַגִּידָה־נָּא שְׁמֶךָ וַיֹּאמֶר ל
לָמָּה זֶּה תִּשְׁאַל לִשְׁמִי וַיְבָרֶךְ אֹתוֹ שָׁם׃ וַיִּקְרָא יַעֲקֹב 31
שֵׁם הַמָּקוֹם פְּנִיאֵל כִּי־רָאִיתִי אֱלֹהִים פָּנִים אֶל־פָּנִים
וַתִּנָּצֵל נַפְשִׁי׃ וַיִּזְרַח־לוֹ הַשֶּׁמֶשׁ כַּאֲשֶׁר עָבַר אֶת־פְּנוּאֵל 32
וְהוּא צֹלֵעַ עַל־יְרֵכוֹ׃ עַל־כֵּן לֹא־יֹאכְלוּ בְנֵי־יִשְׂרָאֵל אֶת־ 33
גִּיד הַנָּשֶׁה אֲשֶׁר עַל־כַּף הַיָּרֵךְ עַד הַיּוֹם הַזֶּה כִּי נָגַע בְּכַף־
יֶרֶךְ יַעֲקֹב בְּגִיד הַנָּשֶׁה׃

## לג

לג

וַיִּשָּׂא יַעֲקֹב עֵינָיו וַיַּרְא וְהִנֵּה עֵשָׂו בָּא וְעִמּוֹ אַרְבַּע מֵאוֹת א
אִישׁ וַיַּחַץ אֶת־הַיְלָדִים עַל־לֵאָה וְעַל־רָחֵל וְעַל שְׁתֵּי
הַשְּׁפָחוֹת׃ וַיָּשֶׂם אֶת־הַשְּׁפָחוֹת וְאֶת־יַלְדֵיהֶן רִאשֹׁנָה וְאֶת־ 2
לֵאָה וִילָדֶיהָ אַחֲרֹנִים וְאֶת־רָחֵל וְאֶת־יוֹסֵף אַחֲרֹנִים׃
וְהוּא עָבַר לִפְנֵיהֶם וַיִּשְׁתַּחוּ אַרְצָה שֶׁבַע פְּעָמִים עַד־ 3
גִּשְׁתּוֹ עַד־אָחִיו׃ וַיָּרָץ עֵשָׂו לִקְרָאתוֹ וַיְחַבְּקֵהוּ וַיִּפֹּל עַל־ 4
צַוָּארָו וַיִּשָּׁקֵהוּ וַיִּבְכּוּ׃ וַיִּשָּׂא אֶת־עֵינָיו וַיַּרְא אֶת־הַנָּשִׁים ה
וְאֶת־הַיְלָדִים וַיֹּאמֶר מִי־אֵלֶּה לָּךְ וַיֹּאמַר הַיְלָדִים אֲשֶׁר־
חָנַן אֱלֹהִים אֶת־עַבְדֶּךָ׃ וַתִּגַּשְׁןָ הַשְּׁפָחוֹת הֵנָּה וְיַלְדֵיהֶן 6

זַיין פָּנִים, טָאמֶער װעט עֶר פַארְנֶעמֶען מֵיין פָּנִים (מִיר פְרֵיינְדְלִיךְ זַיין): 22 אוּנְד דָאס גֶעשֶׁענְק אִיז אַרִיבֶּערְגֶעגַאנְגֶען פַאר אִיהְם, אוּנְד עֶר הָאט אִיבֶּערְנֶעכְטִיגְט דִיזֶעלְבֶּע נַאכְט אִין דֶער מַחֲנֶה: 23 אוּנְד עֶר אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען אִין דֶער זֶעלְבֶּער נַאכְט, אוּנְד עֶר הָאט גֶענוּמֶען זֵיינֶע צְװֵייא װייבֶּער אוּנְד זֵיינֶע צְװֵייא דִינְסְטֶען, אוּנְד זֵיינֶע עֶלְף קִינְדֶער, אוּנְד עֶר אִיז אִיבֶּער־גֶעפָארֶען דֶעם אִיבֶּערפָאר פוּן יַבֹּק: 24 אוּנְד עֶר הָאט זֵייא גֶענוּמֶען אוּנְד עֶר הָאט זֵייא אַרִיבֶּערגֶעפִיהְרְט אִיבֶּער דֶעם שְׁטְרָאם, אוּנְד עֶר הָאט אַרִיבֶּערגֶעפִיהְרְט װָאס עֶר הָאט גֶעהַאט: 25 אוּנְד יַעֲקֹב אִיז אַלֵיין אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּען, אוּנְד אַ מַאן הָאט זִיךְ גֶערַאנְגֶעלְט מִיט אִיהְם, בִּיז דֶער מָארְגֶענְשְׁטֶערְן אִיז אוֹיפְגֶעגַאנְגֶען: 26 אוּנְד װֶען עֶר הָאט גֶעזֶעהֶען אַז עֶר קֶען אִיהְם נִיט בֵּייקוּמֶען, אַזוֹי הָאט עֶר אִיהְם אָנְגֶערִירְט אִין דֶעם בַּאלֶען פוּן זַיין דִיעֶךְ, אוּנְד דֶער בַּאלֶען פוּן דֶעם דִיעֶךְ פוּן יַעֲקֹב הָאט זִיךְ פֶערְרוּקְט, װֶען עֶר הָאט גֶערַאנְגֶעלְט מִיט אִיהְם: 27 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, שִׁיק מִיךְ אַװעק, דֶען דֶער מָארְגֶענְשְׁטֶערְן אִיז אוֹיפְגֶעגַאנְגֶען, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ װֶעל דִיךְ נִיט אַװעק שִׁיקֶען, נֵייעֶרְט װֶען דוּא װֶעסְט מִיךְ בֶּענְשֶׁען: 28 אוּנְד עֶר הָאט צוּ אִיהְם גֶע־זָאגְט, װָאס אִיז דֵיין נָאמֶען, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, יַעֲקֹב: 29 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, דֵיין נָאמֶען זָאל נִיט מֶעהְר הֵייסֶען יַעֲקֹב, נֵייעֶרְט יִשְׂרָאֵל, װָארִין דוּא הָאסְט גֶעהֶערְשְׁט מִיט גָאט אוּנְד מִיט מֶענְשֶׁען, אוּנְד דוּא בִּיזְט בֵּייגֶעקוּמֶען: 30 אוּנְד יַעֲקֹב הָאט גֶעפְרֶעגְט אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, זָאג מִיר, אִיךְ בֶּעט דִיךְ, דֵיין נָאמֶען, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, װָארוּם אִיז דָאס װָאס דוּא פְרֶעגְסְט נָאךְ מֵיין נָאמֶען? אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם דָארְט גֶעבֶּענְשְׁט: 31 אוּנְד יַעֲקֹב הָאט גֶערוּפֶען דֶעם נָאמֶען פוּן דֶעם אָרְט פְּנִיאֵל, װָארִין אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען גָאט פוּן פָּנִים צוּ פָּנִים, אוּנְד מֵיינֶע זֶעלֶע אִיז גֶערֶעטֶעט גֶעװָארֶען: 32 אוּנְד דִיא זוּן אִיז צוּ אִיהְם אוֹיפְגֶעגַאנְגֶען, װֶען עֶר אִיז אַרִיבֶּערגֶעגַאנְגֶען פְּנִיאֵל, אוּנְד עֶר הָאט גֶעהוּנְקֶען אוֹיף זַיין דִיעֶךְ: 33 דָארוּם עֶסֶען נִיט דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל דִיא שְׁפַּאן־אָדֶער װָאס אִיז אוֹיף דֶעם בַּאלֶען פוּן דֶעם דִיעֶךְ בִּיז צוּ דִיזֶען טָאג, דֶען עֶר הָאט אָנְגֶערִירְט אָן דֶעם בַּאלֶען פוּן דֶעם דִיעֶךְ פוּן יַעֲקֹב אָן דִיא שְׁפַּאן־אָדֶער:

## קאפיטעל לג

1 אוּנְד יַעֲקֹב הָאט אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען זֵיינֶע אוֹיגֶען, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזֶעהֶען, אוּנְד נוּן, עֵשָׂו קוּמְט, אוּנְד מִיט אִיהְם פִיעֶר הוּנְדֶערְט מַאן, אוּנְד עֶר הָאט צוּטֵיילְט דִיא קִינְדֶער צוּ לֵאָה אוּנְד צוּ רָחֵל אוּנְד צוּ דִיא צְװֵייא דִינְסְטֶען: 2 אוּנְד עֶר הָאט גֶעשְׁטֶעלְט דִיא דִינְסְטֶען אוּנְד זֵייעֶרֶע קִינְדֶער צוּם עֶרְשְׁטֶען, אוּנְד לֵאָה אוּנְד אִיהְרֶע קִינְדֶער הִינְטֶער זֵייא, אוּנְד רָחֵל אוּנְד יוֹסֵף צוּם לֶעצְטֶען: 3 אוּנְד עֶר אִיז פַאר זֵייא אַרִיבֶּערגֶעגַאנְגֶען, אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ גֶעבִּיקְט צוּ דֶער עֶרְד זִיבֶּען מָאל, בִּיז עֶר הָאט גֶענֶעהֶנְט צוּ זַיין בְּרוּדֶער: 4 אוּנְד עֵשָׂו אִיז אִיהְם עֶנְטְקֶעגֶען גֶעלָאפֶען, אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם אוּמְגֶע־אָרֶעמְט אוּנְד אִיז גֶעפַאלֶען אוֹיף זַיין הַאלְז, אוּנְד הָאט אִיהְם גֶעקוּשְׁט, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעװֵיינְט: 5 אוּנְד עֶר הָאט אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען זֵיינֶע אוֹיגֶען, אוּנְד הָאט גֶעזֶעהֶען דִיא װייבֶּער אוּנְד דִיא קִינְדֶער, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, װֶער זֶענֶען דִיזֶע בֵּייא דִיר? אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, דִיא קִינְדֶער מִיט װָאס גָאט הָאט בֶּעגְנַאדִיגְט דֵיין קְנֶעכְט: 6 אוּנְד דִיא דִינְסְטֶען הָאבֶּען זִיךְ גֶענֶעהֶנְט, זֵייא אוּנְד זֵייעֶרֶע קִינְדֶער,

אוּנד

7 וַתִּשְׁתַּחֲוֶיןָ׃ וַתִּגַּשׁ גַּם־לֵאָה וִילָדֶיהָ וַיִּשְׁתַּחֲווּ וְאַחַר נִגַּשׁ
8 יוֹסֵף וְרָחֵל וַיִּשְׁתַּחֲווּ׃ וַיֹּאמֶר מִי לְךָ כָּל־הַמַּחֲנֶה הַזֶּה
9 אֲשֶׁר פָּגָשְׁתִּי וַיֹּאמֶר לִמְצֹא־חֵן בְּעֵינֵי אֲדֹנִי׃ וַיֹּאמֶר עֵשָׂו
י יֶשׁ־לִי רָב אָחִי יְהִי לְךָ אֲשֶׁר־לָךְ׃ וַיֹּאמֶר יַעֲקֹב אַל־נָא
אִם־נָא מָצָאתִי חֵן בְּעֵינֶיךָ וְלָקַחְתָּ מִנְחָתִי מִיָּדִי כִּי עַל־
11 כֵּן רָאִיתִי פָנֶיךָ כִּרְאֹת פְּנֵי אֱלֹהִים וַתִּרְצֵנִי׃ קַח־נָא אֶת־
בִּרְכָתִי אֲשֶׁר הֻבָאת לָךְ כִּי־חַנַּנִי אֱלֹהִים וְכִי יֶשׁ־לִי־כֹל
12 וַיִּפְצַר־בּוֹ וַיִּקָּח׃ וַיֹּאמֶר נִסְעָה וְנֵלֵכָה וְאֵלְכָה לְנֶגְדֶּךָ׃
13 וַיֹּאמֶר אֵלָיו אֲדֹנִי יֹדֵעַ כִּי־הַיְלָדִים רַכִּים וְהַצֹּאן וְהַבָּקָר
14 עָלוֹת עָלָי וּדְפָקוּם יוֹם אֶחָד וָמֵתוּ כָּל־הַצֹּאן׃ יַעֲבָר־נָא
אֲדֹנִי לִפְנֵי עַבְדּוֹ וַאֲנִי אֶתְנָהֲלָה לְאִטִּי לְרֶגֶל הַמְּלָאכָה
אֲשֶׁר־לְפָנַי וּלְרֶגֶל הַיְלָדִים עַד אֲשֶׁר־אָבֹא אֶל־אֲדֹנִי
טו שֵׂעִירָה׃ וַיֹּאמֶר עֵשָׂו אַצִּיגָה־נָּא עִמְּךָ מִן־הָעָם אֲשֶׁר אִתִּי
16 וַיֹּאמֶר לָמָּה זֶּה אֶמְצָא־חֵן בְּעֵינֵי אֲדֹנִי׃ וַיָּשָׁב בַּיּוֹם הַהוּא
17 עֵשָׂו לְדַרְכּוֹ שֵׂעִירָה׃ וְיַעֲקֹב נָסַע סֻכֹּתָה וַיִּבֶן לוֹ בָּיִת
וּלְמִקְנֵהוּ עָשָׂה סֻכֹּת עַל־כֵּן קָרָא שֵׁם־הַמָּקוֹם סֻכּוֹת׃ ס
18 וַיָּבֹא יַעֲקֹב שָׁלֵם עִיר שְׁכֶם אֲשֶׁר בְּאֶרֶץ כְּנַעַן בְּבֹאוֹ
19 מִפַּדַּן אֲרָם וַיִּחַן אֶת־פְּנֵי הָעִיר׃ וַיִּקֶן אֶת־חֶלְקַת הַשָּׂדֶה
אֲשֶׁר נָטָה־שָׁם אָהֳלוֹ מִיַּד בְּנֵי־חֲמוֹר אֲבִי שְׁכֶם בְּמֵאָה
כ קְשִׂיטָה׃ וַיַּצֶּב־שָׁם מִזְבֵּחַ וַיִּקְרָא־לוֹ אֵל אֱלֹהֵי יִשְׂרָאֵל׃ ס

לד

לד

א וַתֵּצֵא דִינָה בַּת־לֵאָה אֲשֶׁר יָלְדָה לְיַעֲקֹב לִרְאוֹת בִּבְנוֹת
2 הָאָרֶץ׃ וַיַּרְא אֹתָהּ שְׁכֶם בֶּן־חֲמוֹר הַחִוִּי נְשִׂיא הָאָרֶץ
3 וַיִּקַּח אֹתָהּ וַיִּשְׁכַּב אֹתָהּ וַיְעַנֶּהָ׃ וַתִּדְבַּק נַפְשׁוֹ בְּדִינָה
4 בַּת־יַעֲקֹב וַיֶּאֱהַב אֶת־הַנַּעֲרָ וַיְדַבֵּר עַל־לֵב הַנַּעֲרָ׃ וַיֹּאמֶר
שְׁכֶם אֶל־חֲמוֹר אָבִיו לֵאמֹר קַח־לִי אֶת־הַיַּלְדָּה הַזֹּאת
ה לְאִשָּׁה׃ וְיַעֲקֹב שָׁמַע כִּי טִמֵּא אֶת־דִּינָה בִתּוֹ וּבָנָיו הָיוּ

אונד האבען זיך געביקט: 7 אונד אויך לאה האט זיך גענעהנט, אונד איהרע קינדער, אונד האבען זיך געביקט, אונד דערנאך האט זיך יוסף גענעהנט, אונד רחל, אונד זייא האבען זיך געביקט: 8 אונד ער האט געזאגט, וואס! געהערט צו דיר די גאנצע מחנה וואס איך האב בעגעגענט? אונד ער האט געזאגט, עס איז כדי צו געפינען חן אין דיא אויגען פון מיין האר: 9 אונד עשו האט געזאגט איך האב פיל, מיין ברודער, לאז צו דיר זיין וואס דיין איז: 10 אונד יעקב האט געזאגט, אך ניין! איך בעט דיך, ווען איך האב נון געפונען חן אין דיינע אויגען, אזוי זאלסט דוא נעמען דאס געשענק פון מיינע האנד, דען דארום האב איך געזעהען דיין פנים, אזוי וויא דאס אנזעהען פון דעם פנים פון גאט, אונד דוא האסט מיך בעוויליגט: 11 נעם, איך בעט דיך, מיינע מתנה וואס איז געבראכט געווארען צו דיר, דען גאט האט מיך בעגנאדיגט, אונד ווייל איך האב אלעס, אונד ער האט איהם געדרונגען אונד ער האט עס גענומען: 12 אונד ער האט געזאגט, מיר וועלען ציהען אונד מיר וועלען גיין, אונד איך וועל גיין נעבען דיר: 13 אונד ער האט צו איהם געזאגט, מיין האר ווייס, דאס דיא קינדער זענען צערטליך, אונד דיא שאף אונד דיא רינדער זענען בייא מיר זייגענדיגע, אונד ווען מען וועט זייא איין טאג איבערטרייבען אזוי וועלען אלע שאף שטארבען: 14 לאז נון מיין האר אריבער גיין פאר זיין קנעכט, אונד איך וועל מיך פאמעלאך פיהרען, נאך דעם גאנג פון דיא ארבייט (פיך) וואס איז פאר מיר, אונד נאך דעם גאנג פון דיא קינדער. ביז איך וועל קומען צו מיין האר קיין שעיר: 15 אונד עשו האט געזאגט, איך וועל אפשטעלען מיט דיר פון דעם פאלק וואס איז מיט מיר, אונד ער האט געזאגט, צו וואס איז דאס, איך האב געפונען חן אין דיא אויגען פון מיין האר: 16 אונד עשו האט זיך ווידערגעקערט אין דעמזעלבען טאג צו זיין וועג קיין שעיר: 17 אונד יעקב האט געצויגען קיין סכות, אונד ער האט פאר זיך געבויעט א הויז, אונד פאר זיין פיך האט ער געמאכט ביידלאך (סכות), דארום האט מען גערופען דעם נאמען פון דעם ארט סכות: 18 אונד יעקב איז געקומען קיין שלם, א שטאט אין שכם, וואס איז אין דעם לאנד כנען, ווען ער איז געקומען פון פדן ארם, אונד ער האט גערוהט פאר דער שטאט: 19 אונד ער האט געקויפט דאס טייל פון דעם פעלד, וואו ער האט דארט אויפגעשטעלט זיין געצעלט, פון דיא הענד פון דיא קינדער חמור פאטער פון שכם, פאר הונדערט קשיטות: 20 אונד ער האט דארט אויפגעשטעלט א מזבח, אונד ער האט איהם גערופען, (אל אלהי ישראל) גאט, דער גאט פון ישראל:

קאפיטעל לד

1 אונד דינה דיא טאכטער פון לאה, וואס זיא האט געהוירען צו יעקב, איז ארויס געגאנגען צו זעהען דיא טעכטער פון דעם לאנד: 2 אונד עס האט זיא געזעהען שכם דער זוהן פון חמור, דער חוי, דער פירשט פון דעם לאנד, אונד ער האט זיא גענומען אונד איז מיט איהר געלעגען, אונד ער האט זיא געדעמיטיגט (פערשוועכט): 3 אונד זיינע זעלע האט זיך בעהעפט אן דינה דיא טאכטער פון יעקב, אונד ער האט דאס מעדעל ליב געהאט, אונד ער האט גערעדט צום הארץ פון דעם מעדעל: 4 אונד שכם האט געזאגט צו חמור זיין פאטער, אזוי צו זאגען, נעם פאר מיר דיזעם מעדעל פאר א ווייב: 5 אונד יעקב האט געהערט אז ער האט פערשוועכט זיינע טאכטער דינה, אונד זיינע זיהן

אֶת־מִקְנֵהוּ בַּשָּׂדֶה וְהֶחֱרִשׁ יַעֲקֹב עַד־בֹּאָם׃ וַיֵּצֵא חֲמוֹר 6
אֲבִי־שְׁכֶם אֶל־יַעֲקֹב לְדַבֵּר אִתּוֹ׃ וּבְנֵי יַעֲקֹב בָּאוּ מִן־ 7
הַשָּׂדֶה כְּשָׁמְעָם וַיִּתְעַצְּבוּ הָאֲנָשִׁים וַיִּחַר לָהֶם מְאֹד כִּי־
נְבָלָה עָשָׂה בְיִשְׂרָאֵל לִשְׁכַּב אֶת־בַּת־יַעֲקֹב וְכֵן לֹא יֵעָשֶׂה׃
וַיְדַבֵּר חֲמוֹר אִתָּם לֵאמֹר שְׁכֶם בְּנִי חָשְׁקָה נַפְשׁוֹ בְּבִתְּכֶם 8
תְּנוּ נָא אֹתָהּ לוֹ לְאִשָּׁה׃ וְהִתְחַתְּנוּ אֹתָנוּ בְּנֹתֵיכֶם תִּתְּנוּ־ 9
לָנוּ וְאֶת־בְּנֹתֵינוּ תִּקְחוּ לָכֶם׃ וְאִתָּנוּ תֵּשֵׁבוּ וְהָאָרֶץ תִּהְיֶה י
לִפְנֵיכֶם שְׁבוּ וּסְחָרוּהָ וְהֵאָחֲזוּ בָּהּ׃ וַיֹּאמֶר שְׁכֶם אֶל־ 11
אָבִיהָ וְאֶל־אַחֶיהָ אֶמְצָא־חֵן בְּעֵינֵיכֶם וַאֲשֶׁר תֹּאמְרוּ אֵלַי
אֶתֵּן׃ הַרְבּוּ עָלַי מְאֹד מֹהַר וּמַתָּן וְאֶתְּנָה כַּאֲשֶׁר תֹּאמְרוּ 12
אֵלָי וּתְנוּ־לִי אֶת־הַנַּעֲרָ לְאִשָּׁה׃ וַיַּעֲנוּ בְנֵי־יַעֲקֹב אֶת־שְׁכֶם 13
וְאֶת־חֲמוֹר אָבִיו בְּמִרְמָה וַיְדַבֵּרוּ אֲשֶׁר טִמֵּא אֵת דִּינָה
אֲחֹתָם׃ וַיֹּאמְרוּ אֲלֵיהֶם לֹא נוּכַל לַעֲשׂוֹת הַדָּבָר הַזֶּה 14
לָתֵת אֶת־אֲחֹתֵנוּ לְאִישׁ אֲשֶׁר־לוֹ עָרְלָה כִּי־חֶרְפָּה הִוא
לָנוּ׃ אַךְ־בְּזֹאת נֵאוֹת לָכֶם אִם תִּהְיוּ כָמֹנוּ לְהִמֹּל לָכֶם טו
כָּל־זָכָר׃ וְנָתַנּוּ אֶת־בְּנֹתֵינוּ לָכֶם וְאֶת־בְּנֹתֵיכֶם נִקַּח־לָנוּ 16
וְיָשַׁבְנוּ אִתְּכֶם וְהָיִינוּ לְעַם אֶחָד׃ וְאִם־לֹא תִשְׁמְעוּ אֵלֵינוּ 17
לְהִמּוֹל וְלָקַחְנוּ אֶת־בִּתֵּנוּ וְהָלָכְנוּ׃ וַיִּיטְבוּ דִבְרֵיהֶם בְּעֵינֵי 18
חֲמוֹר וּבְעֵינֵי שְׁכֶם בֶּן־חֲמוֹר׃ וְלֹא־אֵחַר הַנַּעַר לַעֲשׂוֹת 19
הַדָּבָר כִּי חָפֵץ בְּבַת־יַעֲקֹב וְהוּא נִכְבָּד מִכֹּל בֵּית אָבִיו׃
וַיָּבֹא חֲמוֹר וּשְׁכֶם בְּנוֹ אֶל־שַׁעַר עִירָם וַיְדַבְּרוּ אֶל־אַנְשֵׁי כ
עִירָם לֵאמֹר׃ הָאֲנָשִׁים הָאֵלֶּה שְׁלֵמִים הֵם אִתָּנוּ וְיֵשְׁבוּ 21
בָאָרֶץ וְיִסְחֲרוּ אֹתָהּ וְהָאָרֶץ הִנֵּה רַחֲבַת־יָדַיִם לִפְנֵיהֶם
אֶת־בְּנֹתָם נִקַּח־לָנוּ לְנָשִׁים וְאֶת־בְּנֹתֵינוּ נִתֵּן לָהֶם׃ אַךְ־ 22
בְּזֹאת יֵאֹתוּ לָנוּ הָאֲנָשִׁים לָשֶׁבֶת אִתָּנוּ לִהְיוֹת לְעַם אֶחָד
בְּהִמּוֹל לָנוּ כָּל־זָכָר כַּאֲשֶׁר הֵם נִמֹּלִים׃ מִקְנֵהֶם וְקִנְיָנָם 23
וְכָל־בְּהֶמְתָּם הֲלוֹא לָנוּ הֵם אַךְ נֵאוֹתָה לָהֶם וְיֵשְׁבוּ

זֶענֶען גֶעוועזֶען מִיט דֶעם פִיך אוֹיף דֶעם פֶעלְד, אוּנְד יַעֲקֹב הָאט שְׁטִיל גֶעשְׁוויגֶען בִּיז זֵייא זֶענֶען גֶעקוּמֶען: 6 אוּנְד חֲמוֹר דֶער פָאטֶער פוּן שְׁכֶם אִיז אַרוֹיסגֶעגַאנְגֶען צוּ יַעֲקֹב מִיט אִיהְם צוּ רֶעדֶען: 7 אוּנְד דִיא קִינְדֶער פוּן יַעֲקֹב זֶענֶען גֶעקוּמֶען פוּן דֶעם פֶעלְד, וֶוען זֵייא הָאבֶּען עֶס גֶעהֶערְט, אַזוֹי זֶענֶען דִיא מֶענֶער בֶּעטְרִיבְּט גֶעוָוארֶען, אוּנְד עֶס הָאט זֵייא זֶעהְר פֶערְדְרָאסֶען, דֶען אַ שֶׁענְדְלִיכְקֵייט אִיז גֶעטְהוּן גֶעוָוארֶען אִין יִשְׂרָאֵל, צוּ לִיגֶען מִיט דִיא טָאכְטֶער פוּן יַעֲקֹב, אוּנְד אַזָאלְכֶעס זָאל נִיט גֶעטְהוּן וֶוערֶען: 8 אוּנְד חֲמוֹר הָאט מִיט זֵייא גֶערֶעט, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, מֵיין זוּהְן שְׁכֶם הָאט זֵיינֶע זֶעלֶע גֶעגְלוּסְט צוּ אֵייעֶר טָאכְטֶער, גֶעבְּט זִיא, אִיךְ בֶּעט אֵייךְ, צוּ אִיהְם פַאר אַ ווייב: 9 אוּנְד פֶערְהֵייַראטֶעט אֵייךְ מִיט אוּנְס, אֵיירֶע טֶעכְטֶער זָאלְט אִיהְר גֶעבֶּען צוּ אוּנְס, אוּנְד אוּנְזֶערֶע טֶעכְטֶער זָאלְט אִיהְר נֶעמֶען צוּ אֵייךְ: 10 אוּנְד מִיט אוּנְס זָאלְט אִיהְר וְואוֹינֶען, אוּנְד דָאס לַאנְד זָאל זֵיין פַאר אֵייךְ, וְואוֹינְט אוּנְד הַאנְדֶעלְט דַארִין, אוּנְד נֶעמְט בֶּעזִיטְץ דֶערְפוּן: 11 אוּנְד שְׁכֶם הָאט גֶעזָאגְט צוּ אִיהְר פָאטֶער אוּנְד צוּ אִיהְרֶע בְּרִידֶער,
לָאסְט מִיךְ גֶעפִינֶען חֵן אִין אֵיירֶע אוֹיגֶען, אוּנְד דָאס וָואס אִיהְר וֶועט צוּ מִיר זָאגֶען וֶועל אִיךְ גֶעבֶּען: 12 מֶעהְרְט אוֹיף מִיר זֶעהְר דֶעם נַדְן אוּנְד גֶעשֶׁענְק, אוּנְד אִיךְ וֶועל עֶס גֶעבֶּען, אַזוֹי וִויא אִיהְר וֶועט צוּ מִיר זָאגֶען, אוּנְד גֶעבְּט צוּ מִיר דָאס מֵיידֶעל פַאר אַ ווייב: 13 אוּנְד דִיא זִיהְן פוּן יַעֲקֹב הָאבֶּען גֶעעֶנְטְפֶערְט דֶעם שְׁכֶם אוּנְד דֶעם חֲמוֹר זֵיין פָאטֶער, מִיט בֶּעטְרוּג, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶערֶעט וֶועגֶען דֶעם וָואס עֶר הָאט פֶערְאוּמְרֵיינִיגְט זֵיירֶע שְׁוֶועסְטֶער דִינָה: 14 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, מִיר קֶענֶען נִיט טְהוּן דִיזֶע זַאךְ, צוּ גֶעבֶּען אוּנְזֶערֶע שְׁוֶועסְטֶער צוּ אַ מַאן וָואס אִיז אוּנְבֶּעשְׁנִיטֶען (אֵיין עָרֵל) וָוארִין דָאס אִיז אַ שַׁאנְד צוּ אוּנְס: 15 נֵייעֶרְט מִיט דִיזֶעם וֶועלֶען מִיר מִיט אֵייךְ בֶּעוִוילִיגְט וֶוערֶען, אוֹיבּ אִיהְר וֶועט זֵיין אַזוֹי וִויא מִיר זֶענֶען, אַז אַלֶע מֶענֶער אוּנְטֶער אֵייךְ זָאלֶען זִיךְ מַל זֵיין: 16 אוּנְד אַזוֹי וֶועלֶען מִיר גֶעבֶּען אוּנְזֶערֶע טֶעכְטֶער צוּ אֵייךְ, אוּנְד אֵיירֶע טֶעכְטֶער וֶועלֶען מִיר נֶעמֶען צוּ אוּנְס, אוּנְד מִיר וֶועלֶען וְואוֹינֶען מִיט אֵייךְ, אוּנְד מִיר וֶועלֶען זֵיין צוּ אֵיין פָאלְק: 17 אוּנְד אוֹיבּ אִיהְר וֶועט אוּנְס נִיט צוּהֶערֶען, אֵייךְ מַל צוּ זֵיין, אַזוֹי וֶועלֶען מִיר נֶעמֶען אוּנְזֶערֶע טָאכְטֶער אוּנְד מִיר וֶועלֶען אַוֶועקְגֵיין: 18 אוּנְד זֵיירֶע וֶוערְטֶער זֶענֶען גוּט גֶעפַאלֶען אִין דִיא אוֹיגֶען פוּן חֲמוֹר אוּנְד פוּן שְׁכֶם, זוּהְן פוּן חֲמוֹר: 19 אוּנְד דֶער יוּנְג הָאט זִיךְ נִיט גֶעזוֹימְט דִיא זַאךְ צוּ טְהוּן, וָוארִין עֶר הָאט בֶּעגֶעהְרְט דִיא טָאכְטֶער פוּן יַעֲקֹב, אוּנְד עֶר אִיז גֶעוֶועזֶען מֶעהְר גֶעעֶהְרְט פוּן דֶעם גַאנְצֶען הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן זֵיין פָאטֶער: 20 אוּנְד חֲמוֹר אוּנְד שְׁכֶם זֵיין זוּהְן זֶענֶען גֶעקוּמֶען צוּ דֶעם טוֹיעֶר פוּן זֵיירֶע שְׁטָאט, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶערֶעט צוּ דִיא מֶענֶער פוּן זֵיירֶע שְׁטָאט, אַזוֹי צוּ זָאגֶען: 21 דִיזֶע מֶענֶער זֶענֶען פְרִידְלִיךְ מִיט אוּנְס, לָאזֶען זֵייא וְואוֹינֶען אִין דֶעם לַאנְד, אוּנְד זֶעה, דָאס לַאנְד אִיז בְּרֵייט פוּן בֵּיידֶע זֵייטֶען פַאר זֵייא, זֵיירֶע טֶעכְטֶער וֶועלֶען מִיר צוּ אוּנְס נֶעמֶען פַאר ווייבֶּער, אוּנְד אוּנְזֶערֶע טֶעכְטֶער וֶועלֶען מִיר צוּ זֵייא גֶעבֶּען: 22 נֵייעֶרְט אִין דִיזֶעם וֶועלֶען דִיא מֶענֶער ווילִיג זֵיין בֵּייא אוּנְס צוּ וְואוֹינֶען, צוּ זֵיין צוּ אֵיין פָאלְק, וֶוען אִיטְלִיכֶער זָכָר פוּן אוּנְס זָאל גֶ׳מַלְתְּ וֶוערֶען, אַזוֹי וִויא זֵייא זֶענֶען גֶ׳מַלְתְּ: 23 זֵייעֶר פִיךְ אוּנְד זֵיירֶע קוֹיפוּנְג, אוּנְד אַלֶע זֵיירֶע בְּהֵמוֹת, זֶענֶען זֵייא נִיט צוּ אוּנְס, נֵייעֶרְט לָאזְט אוּנְס בֶּעווילִיגֶען צוּ זֵייא, אוּנְד זֵייא וֶועלֶען וְואוֹינֶען

וַיִּתְּנֵהוּ אֶל־בֵּית הַסֹּהַר מְקוֹם אֲשֶׁר־אֲסִירֵי הַמֶּלֶךְ אֲסוּרִים
וַיְהִי־שָׁם בְּבֵית הַסֹּהַר׃ וַיְהִי יְהוָה אֶת־יוֹסֵף וַיֵּט אֵלָיו 21
חָסֶד וַיִּתֵּן חִנּוֹ בְּעֵינֵי שַׂר בֵּית־הַסֹּהַר׃ וַיִּתֵּן שַׂר בֵּית־ 22
הַסֹּהַר בְּיַד־יוֹסֵף אֵת כָּל־הָאֲסִירִם אֲשֶׁר בְּבֵית הַסֹּהַר
וְאֵת כָּל־אֲשֶׁר עֹשִׂים שָׁם הוּא הָיָה עֹשֶׂה׃ אֵין ׀ שַׂר בֵּית־ 23
הַסֹּהַר רֹאֶה אֶת־כָּל־מְאוּמָה בְּיָדוֹ בַּאֲשֶׁר יְהוָה אִתּוֹ
וַאֲשֶׁר־הוּא עֹשֶׂה יְהוָה מַצְלִיחַ׃ פ

מ

וַיְהִי אַחַר הַדְּבָרִים הָאֵלֶּה חָטְאוּ מַשְׁקֵה מֶלֶךְ־מִצְרַיִם א
וְהָאֹפֶה לַאֲדֹנֵיהֶם לְמֶלֶךְ מִצְרָיִם׃ וַיִּקְצֹף פַּרְעֹה עַל שְׁנֵי 2
סָרִיסָיו עַל שַׂר הַמַּשְׁקִים וְעַל שַׂר הָאוֹפִים׃ וַיִּתֵּן אֹתָם 3
בְּמִשְׁמַר בֵּית שַׂר הַטַּבָּחִים אֶל־בֵּית הַסֹּהַר מְקוֹם אֲשֶׁר
יוֹסֵף אָסוּר שָׁם׃ וַיִּפְקֹד שַׂר הַטַּבָּחִים אֶת־יוֹסֵף אִתָּם 4
וַיְשָׁרֶת אֹתָם וַיִּהְיוּ יָמִים בְּמִשְׁמָר׃ וַיַּחַלְמוּ חֲלוֹם שְׁנֵיהֶם ה
אִישׁ חֲלֹמוֹ בְּלַיְלָה אֶחָד אִישׁ כְּפִתְרוֹן חֲלֹמוֹ הַמַּשְׁקֶה
וְהָאֹפֶה אֲשֶׁר לְמֶלֶךְ מִצְרַיִם אֲשֶׁר אֲסוּרִים בְּבֵית הַסֹּהַר׃
וַיָּבֹא אֲלֵיהֶם יוֹסֵף בַּבֹּקֶר וַיַּרְא אֹתָם וְהִנָּם זֹעֲפִים׃ 6
וַיִּשְׁאַל אֶת־סְרִיסֵי פַרְעֹה אֲשֶׁר אִתּוֹ בְמִשְׁמַר בֵּית אֲדֹנָיו 7
לֵאמֹר מַדּוּעַ פְּנֵיכֶם רָעִים הַיּוֹם׃ וַיֹּאמְרוּ אֵלָיו חֲלוֹם 8
חָלַמְנוּ וּפֹתֵר אֵין אֹתוֹ וַיֹּאמֶר אֲלֵהֶם יוֹסֵף הֲלוֹא לֵאלֹהִים
פִּתְרֹנִים סַפְּרוּ־נָא לִי׃ וַיְסַפֵּר שַׂר־הַמַּשְׁקִים אֶת־חֲלֹמוֹ 9
לְיוֹסֵף וַיֹּאמֶר לוֹ בַּחֲלוֹמִי וְהִנֵּה־גֶפֶן לְפָנָי׃ וּבַגֶּפֶן שְׁלֹשָׁה י
שָׂרִיגִם וְהִוא כְפֹרַחַת עָלְתָה נִצָּהּ הִבְשִׁילוּ אַשְׁכְּלֹתֶיהָ
עֲנָבִים׃ וְכוֹס פַּרְעֹה בְּיָדִי וָאֶקַּח אֶת־הָעֲנָבִים וָאֶשְׂחַט 11
אֹתָם אֶל־כּוֹס פַּרְעֹה וָאֶתֵּן אֶת־הַכּוֹס עַל־כַּף פַּרְעֹה׃
וַיֹּאמֶר לוֹ יוֹסֵף זֶה פִּתְרֹנוֹ שְׁלֹשֶׁת הַשָּׂרִגִים שְׁלֹשֶׁת יָמִים 12
הֵם׃ בְּעוֹד ׀ שְׁלֹשֶׁת יָמִים יִשָּׂא פַרְעֹה אֶת־רֹאשֶׁךָ וַהֲשִׁיבְךָ 13

אונד ער האט איהם אריינגעגעבען אין דעם געפענגניס־הויז, אין דעם ארט וואו דיא געפאנגענע פון דעם קעניג זענען געבונדען, אונד ער איז דארט געוועזען אין דעם געפענגניס־הויז: 21 אונד גאט איז געוועזען מיט יוסף, אונד ער האט צו איהם געניינט גנאד, אונד ער האט איהם געגעבען חן אין דיא אויגען פון דעם אויבערשטען פון דעם געפענגניס־הויז: 22 אונד דער אויבערשטער פון דעם געפענגניס־הויז האט געגעבען אין דער האנד פון יוסף אלע דיא געפאנגענע וואס זענען געוועזען אין דעם געפענגניס־הויז, אונד אלעס וואס מען טהוט דארטען, האט ער געטהון: 23 דער אויבערשטער פון דעם געפענגניס־הויז האט גארניט נאכגעזעהען וואס איז געוועזען אין זיינע האנד, ווייל גאט איז געוועזען מיט איהם, אונד וואס ער האט געטהון דאס האט גאט בעגליקט:

## קאפיטעל מ

1 אונד עס איז געוועזען נאך דיזע זאכען, אזוי האבען געזינדיגט דער שענקער פון דעם קעניג פון מצרים אונד דער בעקער, קעגען זייער האר דעם קעניג פון מצרים: 2 אונד פרעה האט געצארענט איבער זיינע צוויא הויפדינער, איבער דעם אויבערשטען פון דיא שענקער אונד איבער דעם אויבערשטען פון דיא בעקער: 3 אונד ער האט זייא געגעבען אין דיא היטונג, אין דעם הויז פון דעם אויבערשטען פון דיא שלאכטער, אין דעם געפענגניס־הויז, אין דעם ארט וואו יוסף איז געבונדען געוועזען: 4 אונד דער אויבערשטער פון דיא שלאכטער האט יוסף געזעצט איבער זייא, אונד ער האט זייא בעדינט, אונד זייא זענען געוועזען טעג (א צייט לאנג) אין דעם געפענגניס: 5 אונד זייא האבען ביידע געחלומט א חלום, יעדער זיין חלום אין איין נאכט, יעדערער נאך דער בעדייטונג פון זיין חלום, דער שענקער אונד דער בעקער וואס זענען געוועזען צו דעם קעניג פון מצרים, וואס זענען געבונדען געוועזען אין דעם געפענגניס־הויז: 6 אונד יוסף איז געקומען צו זייא אין דעם מארגען, אונד ער האט זייא געזעהען, אונד זעה, זייא זענען געוועזען טרויעריג: 7 אונד ער האט געפרעגט דיא הויפ־דינער פון פרעה, וואס זענען מיט איהם געוועזען אין דעם געפענגניס אין דעם הויז פון זיין האר, אזוי צו זאגען, וואריס זעהט אייער פנים היינט אזוי שלעכט אויס? 8 אונד זייא האבען צו איהם געזאגט, מיר האבען געחלומט א חלום, אונד עס איז ניט דא קיין בעשיידער. אונד יוסף האט צו זייא געזאגט, באמת, צו גאט געהערט דיא בעדייטונג, דערציילט עס נון מיר: 9 אונד דער אויבערשטער פון דיא שענקער האט דערציילט זיין חלום צו יוסף, אונד ער האט צו איהם געזאגט, אין מיין חלום, זעה א ווינשטאק איז פאר מיר געוועזען: 10 אונד אין דעם ווינשטאק זענען געוועזען דרייא צווייגען, אונד עס איז געוועזען גלייך אלס ער האט געבליהט, איהר געבליהטס איז אויפגעגאנגען, איהרע הענגלעך האבען צייטיג געמאכט איהרע ווינטרויבען: 11 אונד דער בעכער פון פרעה איז געוועזען אין מיינע האנד, אונד איך האב גענומען דיא ווינטרויבען, אונד איך האב זייא אויסגעדריקט אין דעם בעכער פון פרעה, אונד איך האב געגעבען דעם בעכער אין דער האנד פון פרעה: 12 אונד יוסף האט צו איהם געזאגט, דיזעס איז דיא בעדייטונג, דיא דרייא צווייגען זענען דרייא טעג: 13 נאך אין דרייא טעג, וועט פרעה דערהייבען דיין קאפ, אונד ער וועט דיך צוריקזעצען

אויף

עַל־כַּנֶּךָ וְנָתַתָּ כוֹס־פַּרְעֹה בְּיָדוֹ כַּמִּשְׁפָּט הָרִאשׁוֹן אֲשֶׁר
14 הָיִיתָ מַשְׁקֵהוּ׃ כִּי אִם־זְכַרְתַּנִי אִתְּךָ כַּאֲשֶׁר יִיטַב לָךְ
וְעָשִׂיתָ־נָּא עִמָּדִי חָסֶד וְהִזְכַּרְתַּנִי אֶל־פַּרְעֹה וְהוֹצֵאתַנִי
טו מִן־הַבַּיִת הַזֶּה׃ כִּי־גֻנֹּב גֻּנַּבְתִּי מֵאֶרֶץ הָעִבְרִים וְגַם־פֹּה
16 לֹא־עָשִׂיתִי מְאוּמָה כִּי־שָׂמוּ אֹתִי בַּבּוֹר׃ וַיַּרְא שַׂר־הָאֹפִים
כִּי טוֹב פָּתָר וַיֹּאמֶר אֶל־יוֹסֵף אַף־אֲנִי בַּחֲלוֹמִי וְהִנֵּה
17 שְׁלֹשָׁה סַלֵּי חֹרִי עַל־רֹאשִׁי׃ וּבַסַּל הָעֶלְיוֹן מִכֹּל מַאֲכַל
פַּרְעֹה מַעֲשֵׂה אֹפֶה וְהָעוֹף אֹכֵל אֹתָם מִן־הַסַּל מֵעַל
18 רֹאשִׁי׃ וַיַּעַן יוֹסֵף וַיֹּאמֶר זֶה פִּתְרֹנוֹ שְׁלֹשֶׁת הַסַּלִּים
19 שְׁלֹשֶׁת יָמִים הֵם׃ בְּעוֹד ׀ שְׁלֹשֶׁת יָמִים יִשָּׂא פַרְעֹה אֶת־
רֹאשְׁךָ מֵעָלֶיךָ וְתָלָה אוֹתְךָ עַל־עֵץ וְאָכַל הָעוֹף אֶת־
כ בְּשָׂרְךָ מֵעָלֶיךָ׃ וַיְהִי ׀ בַּיּוֹם הַשְּׁלִישִׁי יוֹם הֻלֶּדֶת אֶת־
פַּרְעֹה וַיַּעַשׂ מִשְׁתֶּה לְכָל־עֲבָדָיו וַיִּשָּׂא אֶת־רֹאשׁ ׀ שַׂר
21 הַמַּשְׁקִים וְאֶת־רֹאשׁ שַׂר הָאֹפִים בְּתוֹךְ עֲבָדָיו׃ וַיָּשֶׁב
אֶת־שַׂר הַמַּשְׁקִים עַל־מַשְׁקֵהוּ וַיִּתֵּן הַכּוֹס עַל־כַּף פַּרְעֹה׃
22 23 וְאֵת שַׂר הָאֹפִים תָּלָה כַּאֲשֶׁר פָּתַר לָהֶם יוֹסֵף׃ וְלֹא־זָכַר
שַׂר־הַמַּשְׁקִים אֶת־יוֹסֵף וַיִּשְׁכָּחֵהוּ׃

## מא פ פ פ

א וַיְהִי מִקֵּץ שְׁנָתַיִם יָמִים וּפַרְעֹה חֹלֵם וְהִנֵּה עֹמֵד עַל־
2 הַיְאֹר׃ וְהִנֵּה מִן־הַיְאֹר עֹלֹת שֶׁבַע פָּרוֹת יְפוֹת מַרְאֶה
3 וּבְרִיאֹת בָּשָׂר וַתִּרְעֶינָה בָּאָחוּ׃ וְהִנֵּה שֶׁבַע פָּרוֹת אֲחֵרוֹת
עֹלוֹת אַחֲרֵיהֶן מִן־הַיְאֹר רָעוֹת מַרְאֶה וְדַקּוֹת בָּשָׂר
4 וַתַּעֲמֹדְנָה אֵצֶל הַפָּרוֹת עַל־שְׂפַת הַיְאֹר׃ וַתֹּאכַלְנָה הַפָּרוֹת
רָעוֹת הַמַּרְאֶה וְדַקֹּת הַבָּשָׂר אֵת שֶׁבַע הַפָּרוֹת יְפֹת
ה הַמַּרְאֶה וְהַבְּרִיאֹת וַיִּיקַץ פַּרְעֹה׃ וַיִּישַׁן וַיַּחֲלֹם שֵׁנִית
וְהִנֵּה ׀ שֶׁבַע שִׁבֳּלִים עֹלוֹת בְּקָנֶה אֶחָד בְּרִיאוֹת וְטֹבוֹת׃

אויף דיינע שטעל, אונד דוא וועסט געבען דעם בעכער פון פרעה אין זיינע האנד, אזוי וויא נאך דער ערשטער ארדענונג ווען דוא ביסט געוועזען זיין שענקער: 14 נייערט דוא זאלסט אן מיר געדענקען ווען עס וועט דיר גוט זיין, אונד איך בעט דיך, דוא זאלסט טהון גנאד מיט מיר, אונד דוא זאלסט מיך געדענקען צו פרעה, אונד דוא זאלסט מיך ארויסברענגען פון דיזעם הויז: 15 ווארין איך בין געגנבעט געווארען פון דעם לאנד פון דיא עברים, אונד אויך היער האב איך קיין אונרעכט געטהון דאס זייא האבען מיך געלייגט אין דער גרוב: 16 ווען דער אויבערשטער פון דיא בעקער האט געזעהען דאס ער האט גוט בעדייטעט, אזוי האט ער געזאגט צו יוסף, אויך איך וואר אין מיין חלום, אונד זעה, דרייא קערב מיט ווייס ברויט זענען געוועזען אויף מיין קאפ: 17 אונד אין דעם אויבערשטען קארב זענען געוועזען פון אלערלייא שפייזען פאר פרעה, בעקער־ווערק, אונד דיא פייגעל האבען זייא געגעסען פון דעם קארב פון מיין קאפ: 18 אונד יוסף האט געענטפערט אונד ער האט געזאגט, דיזעם איז זיינע בעדייטונג, דיא דרייא קערב זענען דרייא טעג: 19 נאך אין דרייא טעג וועט פרעה אראפנעמען דיין קאפ פון דיר, אונד ער וועט דיך אויפהענגען אויף א בוים, אונד דיא פייגעל וועלען פון דיר עסען דיין פלייש: 20 אונד עס איז געוועזען אין דעם דריטען טאג, דער געבורטס־טאג פון פרעה, אזוי האט ער געמאכט א מאלצייט צו אלע זיינע קנעכט, אונד ער האט אויפגעהויבען דעם קאפ פון דעם אויבערשטען פון דיא שענקער אונד דעם קאפ פון דעם אויבערשטען פון דיא בעקער, צווישען זיינע קנעכט: 21 אונד ער האט צוריקגעזעצט דעם אויבערשטען פון דיא שענקער אויף זיין שענק־אמט, אונד ער האט געגעבען דעם בעכער אין דיא האנד פון פרעה: 22 אבער דעם אויבערשטען פון דיא בעקער האט ער אויפגעהאנגען, אזוי וויא יוסף האט צו זייא בעדייטעט: 23 אבער דער אויבער־שטער פון דיא שענקער, האט ניט געדענקט אן יוסף, נייערט ער האט איהם פערגעסען:

## קאפיטעל מא

### מקץ

1 אונד עס איז געוועזען אין דעם סוף פון צווייא יאהר צייט, אזוי האט פרעה געחלומט. אונד זעה, ער איז געשטאנען בייא דעם שטראם: 2 אונד זעה, פון דעם שטראם זענען ארויסגעגאנגען זיבען קיה, שעהן פון אנזעהען אונד פעט פון פלייש, אונד זייא האבען זיך געפיטערט אויף דעם גרינעם גראז: 3 אונד זעה, זיבען אנדערע קיה זענען ארויפגעגאנגען נאך זייא פון דעם שטראם, שלעכט פון אנזעהען אונד מאגער פון פלייש, אונד זייא זענען געשטאנען בייא דיא קיה אויף דעם בארטען פון דעם שטראם: 4 אונד דיא קיה שלעכט פון אנזעהען אונד מאגער פון פלייש האבען אויפגעגעסען דיא זיבען קיה שעהן פון אנזעהען אונד פעט, אונד פרעה איז אויפגעוואכט: 5 אונד ער איז איינגעשלאפען, אונד ער האט געחלומט צום צווייטען־מאל, אונד זעה, זיבען זאנגען זענען אויפגעגאנגען אויף איין שטענגעל, פעטע אונד גוטע:

וְהִנֵּה שֶׁבַע שִׁבֳּלִים דַּקּוֹת וּשְׁדוּפֹת קָדִים צֹמְחוֹת אַחֲרֵיהֶן׃ 6
וַתִּבְלַעְנָה הַשִּׁבֳּלִים הַדַּקּוֹת אֵת שֶׁבַע הַשִּׁבֳּלִים הַבְּרִיאוֹת 7
וְהַמְּלֵאוֹת וַיִּיקַץ פַּרְעֹה וְהִנֵּה חֲלוֹם׃ וַיְהִי בַבֹּקֶר וַתִּפָּעֶם 8
רוּחוֹ וַיִּשְׁלַח וַיִּקְרָא אֶת־כָּל־חַרְטֻמֵּי מִצְרַיִם וְאֶת־כָּל־
חֲכָמֶיהָ וַיְסַפֵּר פַּרְעֹה לָהֶם אֶת־חֲלֹמוֹ וְאֵין־פּוֹתֵר אוֹתָם
לְפַרְעֹה׃ וַיְדַבֵּר שַׂר הַמַּשְׁקִים אֶת־פַּרְעֹה לֵאמֹר אֶת־ 9
חֲטָאַי אֲנִי מַזְכִּיר הַיּוֹם׃ פַּרְעֹה קָצַף עַל־עֲבָדָיו וַיִּתֵּן אֹתִי י
בְּמִשְׁמַר בֵּית שַׂר הַטַּבָּחִים אֹתִי וְאֵת שַׂר הָאֹפִים׃
וַנַּחַלְמָה חֲלוֹם בְּלַיְלָה אֶחָד אֲנִי וָהוּא אִישׁ כְּפִתְרוֹן 11
חֲלֹמוֹ חָלָמְנוּ׃ וְשָׁם אִתָּנוּ נַעַר עִבְרִי עֶבֶד לְשַׂר הַטַּבָּחִים 12
וַנְּסַפֶּר־לוֹ וַיִּפְתָּר־לָנוּ אֶת־חֲלֹמֹתֵינוּ אִישׁ כַּחֲלֹמוֹ פָּתָר׃
וַיְהִי כַּאֲשֶׁר פָּתַר־לָנוּ כֵּן הָיָה אֹתִי הֵשִׁיב עַל־כַּנִּי וְאֹתוֹ 13
תָלָה׃ וַיִּשְׁלַח פַּרְעֹה וַיִּקְרָא אֶת־יוֹסֵף וַיְרִיצֻהוּ מִן־הַבּוֹר 14
וַיְגַלַּח וַיְחַלֵּף שִׂמְלֹתָיו וַיָּבֹא אֶל־פַּרְעֹה׃ וַיֹּאמֶר פַּרְעֹה טו
אֶל־יוֹסֵף חֲלוֹם חָלַמְתִּי וּפֹתֵר אֵין אֹתוֹ וַאֲנִי שָׁמַעְתִּי
עָלֶיךָ לֵאמֹר תִּשְׁמַע חֲלוֹם לִפְתֹּר אֹתוֹ׃ וַיַּעַן יוֹסֵף אֶת־ 16
פַּרְעֹה לֵאמֹר בִּלְעָדָי אֱלֹהִים יַעֲנֶה אֶת־שְׁלוֹם פַּרְעֹה׃
וַיְדַבֵּר פַּרְעֹה אֶל־יוֹסֵף בַּחֲלֹמִי הִנְנִי עֹמֵד עַל־שְׂפַת הַיְאֹר׃ 17
וְהִנֵּה מִן־הַיְאֹר עֹלֹת שֶׁבַע פָּרוֹת בְּרִיאוֹת בָּשָׂר וִיפֹת 18
תֹּאַר וַתִּרְעֶינָה בָּאָחוּ׃ וְהִנֵּה שֶׁבַע־פָּרוֹת אֲחֵרוֹת עֹלוֹת 19
אַחֲרֵיהֶן דַּלּוֹת וְרָעוֹת תֹּאַר מְאֹד וְרַקּוֹת בָּשָׂר לֹא־רָאִיתִי
כָהֵנָּה בְּכָל־אֶרֶץ מִצְרַיִם לָרֹעַ׃ וַתֹּאכַלְנָה הַפָּרוֹת הָרַקּוֹת כ
וְהָרָעוֹת אֵת שֶׁבַע הַפָּרוֹת הָרִאשֹׁנוֹת הַבְּרִיאֹת׃ וַתָּבֹאנָה 21
אֶל־קִרְבֶּנָה וְלֹא נוֹדַע כִּי־בָאוּ אֶל־קִרְבֶּנָה וּמַרְאֵיהֶן רַע
כַּאֲשֶׁר בַּתְּחִלָּה וָאִיקָץ׃ וָאֵרֶא בַּחֲלֹמִי וְהִנֵּה׀ שֶׁבַע שִׁבֳּלִים 22
עֹלֹת בְּקָנֶה אֶחָד מְלֵאֹת וְטֹבוֹת׃ וְהִנֵּה שֶׁבַע שִׁבֳּלִים 23
צְנֻמוֹת דַּקּוֹת שְׁדֻפוֹת קָדִים צֹמְחוֹת אַחֲרֵיהֶם׃ וַתִּבְלַעְןָ 24
הַשִּׁבֳּלִים הַדַּקֹּת אֵת שֶׁבַע הַשִּׁבֳּלִים הַטֹּבוֹת וָאֹמַר אֶל־

6 אוּנְד זֶעה, זִיבֶּען זַאנְגֶען דִינֶע אוּנְד
אויסְגֶעקְלַאפְּטֶע פוּן דֶעם מִזְרַח־ווִינְד,
הָאבֶּען אַרויסְגֶעשְׁפְּרָאצְט נָאךְ זֵייא:
7 אוּנְד דִיא דִינֶע זַאנְגֶען הָאבֶּען פֶערְ־
שְׁלוּנְגֶען דִיא פֶעטֶע אוּנְד פוּלֶע זַאנְגֶען,
אוּנְד פַּרְעֹה אִיז אויפְגֶעוַואכְט, אוּנְד זֶעה,
עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אַ חָלוֹם: 8 אוּנְד עֶס
אִיז גֶעוֶועזֶען אִין דֶעם מָארְגֶען, אַזוֹי אִיז
זֵיין גֵייסְט אוּמְרוּהִיג גֶעוֶועזֶען, אוּנְד עֶר
הָאט גֶעשִׁיקְט אוּנְד עֶר הָאט גֶערוּפֶען אַלֶע
צוֹיבֶּערֶער פוּן מִצְרַיִם אוּנְד אַלֶע אִיהְרֶע
קְלוּגֶע (לֵייט), אוּנְד פַּרְעֹה הָאט דֶערְצֵיילְט
צוּ זֵייא זֵיין חָלוֹם, אָבֶּער קֵיינֶער הָאט זֵייא
נִיט גֶעקֶענְט בֶּעדֵייטֶען צוּ פַּרְעֹה: 9 אוּנְד
דֶער אוֹיבֶּערְשְׁטֶער פוּן דִיא שֶׁענְקֶערְס
הָאט גֶערֶעט צוּ פַּרְעֹה, אַזוֹי צוּ זָאגֶען,
מֵיינֶע זִינְדֶען דֶערְמָאן אִיךְ הֵיינְט:
10 פַּרְעֹה הָאט גֶעצָארֶענְט אויף זֵיינֶע
קְנֶעכְט, אוּנְד עֶר הָאט מִיךְ גֶעגֶעבֶּען אִין
דֶעם גֶעפֶענְגְנִיס פוּן דֶעם הוֹיז פוּן דֶעם
אוֹיבֶּערְשְׁטֶען פוּן דִיא שְׁלַאכְטֶער, מִיךְ
אוּנְד דֶעם אוֹיבֶּערְשְׁטֶען פוּן דִיא בֶּעקֶער:
11 אוּנְד מִיר הָאבֶּען גֶעחָלוֹמְט אַ חָלוֹם אִין
אֵיין נַאכְט, אִיךְ אוּנְד עֶר, יֶעדֶערֶער נָאךְ
דֶער בֶּעדֵייטוּנְג פוּן זֵיין חָלוֹם הָאבֶּען מִיר
גֶעחָלוֹמְט: 12 אוּנְד דָארְט אִיז גֶעוֶועזֶען מִיט אוּנְס אַ יוּנְג, אֵיין עִבְרִי, אַ קְנֶעכְט פוּן
דֶעם אוֹיבֶּערְשְׁטֶען פוּן דִיא שְׁלַאכְטֶער, אוּנְד מִיר הָאבֶּען אִיהְם דֶערְצֵיילְט, אוּנְד עֶר
הָאט בֶּעדֵייטֶעט צוּ אוּנְס אוּנְזֶערֶע חֲלוֹמוֹת, יֶעדֶען אַזוֹי ווִיא זֵיין חָלוֹם וַואר, הָאט עֶר
בֶּעדֵייטֶעט: 13 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אַזוֹי ווִיא עֶר הָאט בֶּעדֵייטֶעט צוּ אוּנְס אַזוֹי אִיז
גֶעוֶועזֶען, מִיךְ הָאט עֶר צוּרִיק גֶעזֶעצְט אויף מֵיינֶע שְׁטֶעל, אוּנְד אִיהְם הָאט עֶר אויפְ־
גֶעהָאנְגֶען: 14 אוּנְד פַּרְעֹה הָאט גֶעשִׁיקְט אוּנְד עֶר הָאט גֶערוּפֶען יוֹסֵף, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען
אִיהְם אַרויפְגֶעבְּרַאכְט פוּן דֶער גְרוּבּ, אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ גֶעלָאזְט אָפְּשֶׁערֶען, אוּנְד עֶר הָאט
אִיבֶּערְגֶעבִּיטֶען זֵיינֶע קְלֵיידֶער, אוּנְד עֶר אִיז גֶעקוּמֶען צוּ פַּרְעֹה: 15 אוּנְד פַּרְעֹה הָאט
גֶעזָאגְט צוּ יוֹסֵף, אִיךְ הָאבּ גֶעחָלוֹמְט אַ חָלוֹם, אוּנְד קֵיינֶער קֶען אִיהְם נִיט בֶּעדֵייטֶען, אוּנְד
אִיךְ הָאבּ גֶעהֶערְט פוּן דִיר אַזוֹי צוּ זָאגֶען, אַז דוּא פֶערְשְׁטֵייסְט אויסְצוּלֵייגֶען אַ חָלוֹם:
16 אוּנְד יוֹסֵף הָאט גֶעזָאגְט צוּ פַּרְעֹה אַזוֹי צוּ זָאגֶען, עֶס אִיז נִיט אִין מִיר, גָאט וֶועט עֶנְטְ־
פֶערֶען דֶעם פְרִידֶען צוּ פַּרְעֹה: 17 אוּנְד פַּרְעֹה הָאט גֶעזָאגְט צוּ יוֹסֵף, אִין מֵיין חָלוֹם בִּין
אִיךְ גֶעשְׁטַאנֶען בֵּייא דֶעם בְּרֶעג פוּן דֶעם שְׁטְרָאם: 18 אוּנְד נוּן פוּן שְׁטְרָאם זֶענֶען
אַרויפְגֶעגַאנְגֶען זִיבֶּען קִיה, פֶעט פוּן פְלֵיישׁ, אוּנְד שֶׁעהְן פוּן גֶעשְׁטַאלְט, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען
זִיךְ גֶעפִּיטֶערְט אויף דֶעם גְרִינֶעם גְרָאז: 19 אוּנְד נוּן, זִיבֶּען אַנְדֶערֶע קִיה זֶענֶען אַרויפְ־
גֶעגַאנְגֶען נָאךְ זֵייא, דִין אוּנְד זֶעהְר שְׁלֶעכְט פוּן גֶעשְׁטַאלְט, אוּנְד מָאגֶער פוּן פְלֵיישׁ, אוּנְד
אִיךְ הָאבּ נִיט גֶעזֶעהֶען גְלֵייךְ ווִיא זֵייא אִין שְׁלֶעכְטִיגְקֵייט אִין דֶעם גַאנְצֶען לַאנְד פוּן
מִצְרַיִם: 20 אוּנְד דִיא מָאגֶערֶע אוּנְד שְׁלֶעכְטֶע קִיה הָאבֶּען אויפְגֶעגֶעסֶען דִיא זִיבֶּען
פֶעטֶע קִיה: 21 אוּנְד זֵייא זֶענֶען אִין זֵייא אַרֵיין אוּנְד מֶען הָאט נִיט גֶעקֶענְט ווִיסֶען אַז
זֵייא זֶענֶען אִין זֵייא אַרֵיין, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אויסְגֶעזֶעהֶען אַזוֹי שְׁלֶעכְט ווִיא פְרִיהֶער,
אוּנְד אִיךְ בִּין אויפְגֶעוַואכְט: 22 אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען אִין מֵיין חָלוֹם, אוּנְד
זֶעה זִיבֶּען זַאנְגֶען זֶענֶען אויפְגֶעגַאנְגֶען אויף אֵיין שְׁטֶענְגֶעל, פוּל אוּנְד גוּט:
23 אוּנְד זֶעה, זִיבֶּען (אַנְדֶערֶע) זַאנְגֶען, פֶערְדַארְטֶע, דִינֶע אוּנְד פֶערְטְרוּקֶענְט
פוּן דֶעם מִזְרַח־ווִינְד, זֶענֶען אויפְגֶעשְׁפְּרָאצְט נָאךְ זֵייא: 24 אוּנְד דִיא דִינֶע זַאנְגֶען
הָאבֶּען פֶערְשְׁלוּנְגֶען דִיא זִיבֶּען גוּטֶע זַאנְגֶען, אוּנְד אִיךְ הָאבּ דָאס דֶערְצֵיילְט צוּ

כה הַחַרְטֻמִּים וְאֵין מַגִּיד לִי׃ וַיֹּאמֶר יוֹסֵף אֶל־פַּרְעֹה חֲלוֹם
פַּרְעֹה אֶחָד הוּא אֵת אֲשֶׁר הָאֱלֹהִים עֹשֶׂה הִגִּיד לְפַרְעֹה׃
26 שֶׁבַע פָּרֹת הַטֹּבֹת שֶׁבַע שָׁנִים הֵנָּה וְשֶׁבַע הַשִּׁבֳּלִים
27 הַטֹּבֹת שֶׁבַע שָׁנִים הֵנָּה חֲלוֹם אֶחָד הוּא׃ וְשֶׁבַע הַפָּרוֹת
הָרַקּוֹת וְהָרָעֹת הָעֹלֹת אַחֲרֵיהֶן שֶׁבַע שָׁנִים הֵנָּה וְשֶׁבַע
הַשִּׁבֳּלִים הָרֵקוֹת שְׁדֻפוֹת הַקָּדִים יִהְיוּ שֶׁבַע שְׁנֵי רָעָב׃
28 הוּא הַדָּבָר אֲשֶׁר דִּבַּרְתִּי אֶל־פַּרְעֹה אֲשֶׁר הָאֱלֹהִים עֹשֶׂה
29 הֶרְאָה אֶת־פַּרְעֹה׃ הִנֵּה שֶׁבַע שָׁנִים בָּאוֹת שָׂבָע גָּדוֹל
ל בְּכָל־אֶרֶץ מִצְרָיִם׃ וְקָמוּ שֶׁבַע שְׁנֵי רָעָב אַחֲרֵיהֶן וְנִשְׁכַּח
31 כָּל־הַשָּׂבָע בְּאֶרֶץ מִצְרָיִם וְכִלָּה הָרָעָב אֶת־הָאָרֶץ׃ וְלֹא־
יִוָּדַע הַשָּׂבָע בָּאָרֶץ מִפְּנֵי הָרָעָב הַהוּא אַחֲרֵי־כֵן כִּי־כָבֵד
32 הוּא מְאֹד׃ וְעַל הִשָּׁנוֹת הַחֲלוֹם אֶל־פַּרְעֹה פַּעֲמָיִם כִּי־
נָכוֹן הַדָּבָר מֵעִם הָאֱלֹהִים וּמְמַהֵר הָאֱלֹהִים לַעֲשֹׂתוֹ׃
33 וְעַתָּה יֵרֶא פַרְעֹה אִישׁ נָבוֹן וְחָכָם וִישִׁיתֵהוּ עַל־אֶרֶץ
34 מִצְרָיִם׃ יַעֲשֶׂה פַרְעֹה וְיַפְקֵד פְּקִדִים עַל־הָאָרֶץ וְחִמֵּשׁ
לה אֶת־אֶרֶץ מִצְרַיִם בְּשֶׁבַע שְׁנֵי הַשָּׂבָע׃ וְיִקְבְּצוּ אֶת־כָּל־
אֹכֶל הַשָּׁנִים הַטֹּבוֹת הַבָּאֹת הָאֵלֶּה וְיִצְבְּרוּ־בָר תַּחַת יַד־
36 פַּרְעֹה אֹכֶל בֶּעָרִים וְשָׁמָרוּ׃ וְהָיָה הָאֹכֶל לְפִקָּדוֹן לָאָרֶץ
לְשֶׁבַע שְׁנֵי הָרָעָב אֲשֶׁר תִּהְיֶיןָ בְּאֶרֶץ מִצְרָיִם וְלֹא־תִכָּרֵת
37 הָאָרֶץ בָּרָעָב׃ וַיִּיטַב הַדָּבָר בְּעֵינֵי פַרְעֹה וּבְעֵינֵי כָּל־
38 עֲבָדָיו׃ וַיֹּאמֶר פַּרְעֹה אֶל־עֲבָדָיו הֲנִמְצָא כָזֶה אִישׁ אֲשֶׁר
39 רוּחַ אֱלֹהִים בּוֹ׃ וַיֹּאמֶר פַּרְעֹה אֶל־יוֹסֵף אַחֲרֵי הוֹדִיעַ
מ אֱלֹהִים אוֹתְךָ אֶת־כָּל־זֹאת אֵין־נָבוֹן וְחָכָם כָּמוֹךָ׃ אַתָּה
תִּהְיֶה עַל־בֵּיתִי וְעַל־פִּיךָ יִשַּׁק כָּל־עַמִּי רַק הַכִּסֵּא אֶגְדַּל
41 מִמֶּךָּ׃ וַיֹּאמֶר פַּרְעֹה אֶל־יוֹסֵף רְאֵה נָתַתִּי אֹתְךָ עַל כָּל־
42 אֶרֶץ מִצְרָיִם׃ וַיָּסַר פַּרְעֹה אֶת־טַבַּעְתּוֹ מֵעַל יָדוֹ וַיִּתֵּן
אֹתָהּ עַל־יַד יוֹסֵף וַיַּלְבֵּשׁ אֹתוֹ בִּגְדֵי־שֵׁשׁ וַיָּשֶׂם רְבִד
43 הַזָּהָב עַל־צַוָּארוֹ׃ וַיַּרְכֵּב אֹתוֹ בְּמִרְכֶּבֶת הַמִּשְׁנֶה אֲשֶׁר־

דִיא צוֹיבֶּערֶערְם אוּנְד קֵיינֶער קֶען מִיר דָאס נִיט אוֹיסְלֵייגֶען׃ 25 אוּנְד יוֹסֵף הָאט גֶעזָאגְט צוּ פַּרְעֹה, דֶער חָלוֹם פוּן פַּרְעֹה אִיז אֵיינֶס, וָואס גָאט וֶועט טְהוּן הָאט עֶר אַנְטפְּלֶעקְט צוּ פַּרְעֹה׃ 26 דִיא זִיבֶּען גוּטֶע קִיה זֶענֶען זִיבֶּען יָאהְר, אוּנְד דִיא זִיבֶּען גוּטֶע זַאנְגֶען זֶענֶען זִיבֶּען יָאהְר, עֶס אִיז אֵיין חָלוֹם׃ 27 אוּנְד דִיא זִיבֶּען דִינֶע אוּנְד שְׁלֶעכְטֶע קִיה וָואס זֶענֶען אוֹיפְגֶעגַאנְגֶען נָאךְ זֵייא, זֶענֶען זִיבֶּען יָאהְר אוּנְד דִיא זִיבֶּען לֵיידִיגֶע זַאנְגֶען אוּנְד פֶערְטְרוּקֶענְט פוּן דֶעם מִזְרַח וִוינְד וֶועלֶען זֵיין זִיבֶּען יָאהְר פוּן הוּנְגֶער׃ 28 דָאס אִיז דִיא זַאךְ וָואס אִיךְ הָאבּ גֶערֶעט צוּ פַּרְעֹה, וָואס גָאט וִויל טְהוּן הָאט עֶר גֶעוִויזֶען צוּ פַּרְעֹה׃ 29 זֶעה עֶס קוּמֶען זִיבֶּען יָאהְר פוּן גְרוֹיסֶע זֶעטִיגְקֵייט אִין דֶעם גַאנְצֶען לַאנְד פוּן מִצְרַיִם׃ 30 אָבֶּער עֶס וֶועלֶען אוֹיפְשְׁטֵיין זִיבֶּען יָאהְר פוּן הוּנְגֶער נָאךְ זֵייא, אוּנְד דִיא זֶעטִיגְקֵייט פוּן דֶעם לַאנְד מִצְרַיִם וֶועט פֶערְגֶעסֶען וֶוערֶען, אוּנְד דֶער הוּנְגֶער וֶועט פַארְדַארְבֶּען דָאס לַאנְד׃ 31 אוּנְד דִיא זֶעטִיגְקֵייט וֶועט נִיט דֶערְקֶענְט וֶוערֶען אִין דֶעם לַאנְד פוּן וֶועגֶען דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען הוּנְגֶער דֶערְנָאךְ, וָוארִין עֶס וֶועט זֶעהְר שְׁוֶוער זֵיין׃ 32 אוּנְד פוּן דֶער פַארְדָאפְּלוּנְג פוּן דֶעם חָלוֹם צוּ פַּרְעֹה צְוֵוייא מָאל, אִיז וֵוייל דִיא זַאךְ אִיז אָנְגֶעגְרֵייט פוּן גָאט, אוּנְד גָאט אֵיילְט זִיךְ דָאס צוּ טְהוּן׃ 33 אוּנְד אַצוּנְד זָאל זִיךְ פַּרְעֹה אוֹיסְדֶערְוֵוייעֶלֶען אַ פֶערשְׁטֶענְדִיגֶען אוּנְד קְלוּגֶען מַאן, אוּנְד עֶר זָאל אִיהְם זֶעצֶען אִיבֶּער דֶעם לַאנְד מִצְרַיִם׃ 34 פַּרְעֹה זָאל אַזוֹי טְהוּן אַז עֶר זָאל זֶעצֶען אוֹיפְזֶעהֶער אִיבֶּער דֶעם לַאנְד, אוּנְד עֶר זָאל נֶעמֶען דָאס פִינְפְטֶע טֵייל פוּן דֶעם לַאנְד מִצְרַיִם אִין דִיא זִיבֶּען יָאהְר פוּן זֶעטִיגְקֵייט׃ 35 אוּנְד זֵייא זָאלֶען אֵיינְזַאמֶעלְן דִיא גַאנְצֶע שְׁפֵּייז פוּן דִיא קוּמֶענְדִיגֶע זִיבֶּען יָאהְר, אוּנְד זֵייא זָאלֶען אוֹיפְהוֹיפֶען קָארְן אוּנְטֶער דִיא הַאנְד פוּן פַּרְעֹה, אַלְס שְׁפֵּייז אִין דִיא שְׁטֶעט, אוּנְד זֵייא זָאלֶען עֶס הִיטֶען׃ 36 אוּנְד דִיא שְׁפֵּייז זָאל זֵיין בֶּעהַאלְטֶען אִין דֶעם לַאנְד פַאר דִיא זִיבֶּען יָאהְר פוּן הוּנְגֶער וָואס וֶועלֶען זֵיין אִים לַאנְד פוּן מִצְרַיִם, אַז דָאס לַאנְד זָאל נִיט פֶערשְׁנִיטֶען וֶוערֶען אִים הוּנְגֶער׃ 37 אוּנְד דִיא זַאךְ אִיז גוּט גֶעפָאלֶען אִין דִיא אוֹיגֶען פוּן פַּרְעֹה, אוּנְד אִין דִיא אוֹיגֶען פוּן אַלֶע זֵיינֶע קְנֶעכְט׃ 38 אוּנְד פַּרְעֹה הָאט גֶעזָאגְט צוּ זֵיינֶע קְנֶעכְט, קֶענֶען מִיר גֶעפִינֶען אַ מַאן גְלֵייךְ דֶעם דָאזִיגֶען אִין וֶועלְכֶען גָאט׳ס גֵייסְט אִיז? 39 אוּנְד פַּרְעֹה הָאט גֶעזָאגְט צוּ יוֹסֵף, נָאכְדֶעם אַז גָאט הָאט דִיךְ גֶעמַאכְט וִויסֶען דָאס אַלֶעס, עֶס אִיז נִיט דָא קֵיין פֶערשְׁטֶענְדִיגֶער אוּנְד קְלוּגֶערֶער מַאן וִויא דוּא בִּיסְט! 40 דוּא זָאלְסְט זֵיין אִיבֶּער מֵיין הוֹיז, אוּנְד נָאךְ דֵיין בֶּעפֶעהְל נָאךְ זָאל זִיךְ מֵיין גַאנְצֶעס פָאלְק שְׁפֵּייזֶען, נֵייעֶרְט אִין דֶעם (קֶענִיגְלִיכֶען) שְׁטוּהְל וֶועל אִיךְ זֵיין גְרֶעסֶער פוּן דִיר׃ 41 אוּנְד פַּרְעֹה הָאט גֶעזָאגְט צוּ יוֹסֵף, זֶעה אִיךְ הָאבּ דִיךְ גֶעזֶעצְט אִיבֶּער דָאס גַאנְצֶע לַאנְד פוּן מִצְרַיִם׃ 42 אוּנְד פַּרְעֹה הָאט אָפְּגֶעטְהוּן דֶעם רִינְג פוּן זֵיינֶע הַאנְד אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם גֶעגֶעבֶּען אוֹיף דִיא הַאנְד פוּן יוֹסֵף, אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם אָנְגֶעקְלֵיידֶעט אִין פֵיינֶע לֵיינְוֶוענְד, אוּנְד עֶר הָאט דִיא גָאלְדֶענֶע קֵייט גֶעלֵייגְט אוֹיף זֵיין הַאלְז׃ 43 אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם גֶעמַאכְט רֵייטֶען אוֹיף זֵיין צְוֵוייטֶען רֵייטְוָואגֶען,

אונד

לו ויקראו לפניו אברך ונתון אתו על כל־ארץ מצרים:
ויאמר פרעה אל־יוסף אני פרעה ובלעדיך לא־ירים 44
איש את־ידו ואת־רגלו בכל־ארץ מצרים: ויקרא פרעה מה
שם־יוסף צפנת פענח ויתן־לו את־אסנת בת־פוטי פרע
כהן און לאשה ויצא יוסף על־ארץ מצרים: ויוסף בן 46
שלשים שנה בעמדו לפני פרעה מלך־מצרים ויצא
יוסף מלפני פרעה ויעבר בכל־ארץ מצרים: ותעש 47
הארץ בשבע שני השבע לקמצים: ויקבץ את־כל־אכל 48
שבע שנים אשר היו בארץ מצרים ויתן־אכל בערים
אכל שדה־העיר אשר סביבתיה נתן בתוכה: ויצבר 49
יוסף בר כחול הים הרבה מאד עד כי־חדל לספר כי־
אין מספר: וליוסף ילד שני בנים בטרם תבוא שנת נ
הרעב אשר ילדה־לו אסנת בת־פוטי פרע כהן און:
ויקרא יוסף את־שם הבכור מנשה כי־נשני אלהים את־ 51
כל־עמלי ואת כל־בית אבי: ואת שם השני קרא אפרים 52
כי־הפרני אלהים בארץ עניי: ותכלינה שבע שני השבע 53
אשר היה בארץ מצרים: ותחלינה שבע שני הרעב 54
לבוא כאשר אמר יוסף ויהי רעב בכל־הארצות ובכל־
ארץ מצרים היה לחם: ותרעב כל־ארץ מצרים ויצעק נה
העם אל־פרעה ללחם ויאמר פרעה לכל־מצרים לכו
אל־יוסף אשר־יאמר לכם תעשו: והרעב היה על כל־ 56
פני הארץ ויפתח יוסף את־כל־אשר בהם וישבר למצרים
ויחזק הרעב בארץ מצרים: וכל־הארץ באו מצרימה 57
לשבר אל־יוסף כי־חזק הרעב בכל־הארץ:

מב

וירא יעקב כי יש־שבר במצרים ויאמר יעקב לבניו א
למה תתראו: ויאמר הנה שמעתי כי יש־שבר במצרים ב

אונד זיא האבען אויסגערופען פאר איהם (אברך), ביק דיא קניא; אונד ער האט איהם געזעצט איבער דאס גאנצע לאנד מצרים: 44 אונד פרעה האט געזאגט צו יוסף איך בין פרעה, אונד קעגען דיר זאל קיין מענש ניט אויפהייבען זיינע האנד, אדער זיין פוס אין דעם גאנצען לאנד מצרים: 45 אונד פרעה האט גערופען דעם נאמען פון יוסף צפנת פענח אונד ער האט איהם געגעבען אסנת דיא טאכטער פון פוטי פרע א כהן פון און, פאר א ווייב, אונד יוסף איז ארויסגעגאנגען איבער דעם לאנד מצרים: 46 אונד יוסף איז אלט געוועזען דרייסיג יאהר ווען ער איז געשטאנען פאר פרעה, קעניג פון מצרים, אונד יוסף איז ארויסגעגאנגען פון פאר פרעה אונד ער איז איבערגעפארען איבער דאס גאנצע לאנד מצרים: 47 אונד דאס לאנד האט געמאכט וואקסען אין דיא זיבען זאטע יאהרען הויפענווייס: 48 אונד ער האט איינגעזאמעלט אלע שפייז פון דיא זיבען יאהר וואס זענען געוועזען אין דעם לאנד מצרים, אונד ער האט געגעבען דיא שפייז אין דיא שטעט, דיא שפייז פון דעם פעלד פון דער שטאט, וואס איז געוועזען אום איהר רינגסארום, האט ער געגעבען אין איהר: 49 אונד יוסף האט אויפגעהויפט קארן גלייך וויא דער זאנד פון דעם ים, זעהר פיל ביז ער האט אויפגעהערט צו ציילען, ווייל עס איז קיינע צאל געוועזען: 50 אונד צו יוסף זענען געבוירען געווארען צוויא זיהן, איידער דאס יאהר פון הונגער איז געקומען, וואס אסנת דיא טאכטער פון פוטי פרע כהן פון און האט געבוירען צו איהם: 51 אונד יוסף האט גערופען דעם נאמען פון דעם ערשטגעבוירענעם מנשה, ווייל גאט האט מיך געמאכט פערגעסען אלע מיינע מיהזעליגקייט, אונד דאס גאנצע הויז פון מיין פאטער: 52 אונד דעם נאמען פון דעם צווייטען האט ער גערופען אפרים, ווייל גאט האט מיך פרוכטבאר געמאכט אין דעם לאנד פון מיינע פיין: 53 אונד עס זענען דערפילט געווארען דיא זיבען יאהר פון זעטיגקייט וואס זענען געוועזען אין דעם לאנד מצרים: 54 אונד דיא זיבען יאהר פון הונגער האבען אנגעהויבען צו קומען אזוי וויא יוסף האט געזאגט, אונד עס איז געוועזען א הונגער אין אלע לענדער, אבער אין דעם גאנצען לאנד פון מצרים איז געוועזען ברויט: 55 אונד דאס גאנצע לאנד מצרים האט געהונגערט, אונד דאס פאלק האט געשריגען צו פרעה פאר ברויט, אונד פרעה האט געזאגט צו גאנץ מצרים, געהט צו יוסף, אונד וואס ער וועט אייך זאגען זאלט איהר טהון: 56 אונד דער הונגער איז געוועזען איבער דעם גאנצען לאנד, אונד יוסף האט אויפגעמאכט אלע אוצרות וואס עס איז אין זייא געוועזען (קארן) אונד ער האט פערקויפט צו מצרים, אונד דער הונגער האט זיך געשטארקט אין דעם לאנד מצרים: 57 אונד פון אלע לענדער, זענען זייא געקומען קיין מצרים צו יוסף, צו קויפען קארן, ווייל דער הונגער איז געוועזען שטארק אין דעם גאנצען לאנד:

## קאפיטעל מב

1 אונד ווען יעקב האט געזעהען אז עס איז דא קארן אין מצרים, אזוי האט יעקב געזאגט צו זיינע זיהן, צו וואס זאלט איהר אייך אנאנדער אנקוקען: 2 אונד ער האט געזאגט, זעה, איך האב געהערט אז עס איז דא קארן אין מצרים,

3 רְדוּ־שָׁמָּה וְשִׁבְרוּ־לָנוּ מִשָּׁם וְנִחְיֶה וְלֹא נָמוּת׃ וַיֵּרְדוּ
4 אֲחֵי־יוֹסֵף עֲשָׂרָה לִשְׁבֹּר בָּר מִמִּצְרָיִם׃ וְאֶת־בִּנְיָמִין אֲחִי
יוֹסֵף לֹא־שָׁלַח יַעֲקֹב אֶת־אֶחָיו כִּי אָמַר פֶּן־יִקְרָאֶנּוּ אָסוֹן׃
ה וַיָּבֹאוּ בְּנֵי יִשְׂרָאֵל לִשְׁבֹּר בְּתוֹךְ הַבָּאִים כִּי־הָיָה הָרָעָב
6 בְּאֶרֶץ כְּנָעַן׃ וְיוֹסֵף הוּא הַשַּׁלִּיט עַל־הָאָרֶץ הוּא הַמַּשְׁבִּיר
לְכָל־עַם הָאָרֶץ וַיָּבֹאוּ אֲחֵי יוֹסֵף וַיִּשְׁתַּחֲווּ־לוֹ אַפַּיִם
7 אָרְצָה׃ וַיַּרְא יוֹסֵף אֶת־אֶחָיו וַיַּכִּרֵם וַיִּתְנַכֵּר אֲלֵיהֶם
וַיְדַבֵּר אִתָּם קָשׁוֹת וַיֹּאמֶר אֲלֵהֶם מֵאַיִן בָּאתֶם וַיֹּאמְרוּ
8 מֵאֶרֶץ כְּנַעַן לִשְׁבָּר־אֹכֶל׃ וַיַּכֵּר יוֹסֵף אֶת־אֶחָיו וְהֵם
9 לֹא הִכִּרֻהוּ׃ וַיִּזְכֹּר יוֹסֵף אֵת הַחֲלֹמוֹת אֲשֶׁר חָלַם לָהֶם
וַיֹּאמֶר אֲלֵהֶם מְרַגְּלִים אַתֶּם לִרְאוֹת אֶת־עֶרְוַת הָאָרֶץ
י בָּאתֶם׃ וַיֹּאמְרוּ אֵלָיו לֹא אֲדֹנִי וַעֲבָדֶיךָ בָּאוּ לִשְׁבָּר־אֹכֶל׃
11 כֻּלָּנוּ בְּנֵי אִישׁ־אֶחָד נָחְנוּ כֵּנִים אֲנַחְנוּ לֹא־הָיוּ עֲבָדֶיךָ
12 מְרַגְּלִים׃ וַיֹּאמֶר אֲלֵהֶם לֹא כִּי־עֶרְוַת הָאָרֶץ בָּאתֶם
13 לִרְאוֹת׃ וַיֹּאמְרוּ שְׁנֵים עָשָׂר עֲבָדֶיךָ אַחִים ׀ אֲנַחְנוּ בְּנֵי
אִישׁ־אֶחָד בְּאֶרֶץ כְּנָעַן וְהִנֵּה הַקָּטֹן אֶת־אָבִינוּ הַיּוֹם
14 וְהָאֶחָד אֵינֶנּוּ׃ וַיֹּאמֶר אֲלֵהֶם יוֹסֵף הוּא אֲשֶׁר דִּבַּרְתִּי
טו אֲלֵכֶם לֵאמֹר מְרַגְּלִים אַתֶּם׃ בְּזֹאת תִּבָּחֵנוּ חֵי פַרְעֹה אִם־
16 תֵּצְאוּ מִזֶּה כִּי אִם־בְּבוֹא אֲחִיכֶם הַקָּטֹן הֵנָּה׃ שִׁלְחוּ
מִכֶּם אֶחָד וְיִקַּח אֶת־אֲחִיכֶם וְאַתֶּם הֵאָסְרוּ וְיִבָּחֲנוּ דִּבְרֵיכֶם
הַאֱמֶת אִתְּכֶם וְאִם־לֹא חֵי פַרְעֹה כִּי מְרַגְּלִים אַתֶּם׃
17 18 וַיֶּאֱסֹף אֹתָם אֶל־מִשְׁמָר שְׁלֹשֶׁת יָמִים׃ וַיֹּאמֶר אֲלֵהֶם
יוֹסֵף בַּיּוֹם הַשְּׁלִישִׁי זֹאת עֲשׂוּ וִחְיוּ אֶת־הָאֱלֹהִים אֲנִי
19 יָרֵא׃ אִם־כֵּנִים אַתֶּם אֲחִיכֶם אֶחָד יֵאָסֵר בְּבֵית מִשְׁמַרְכֶם
כ וְאַתֶּם לְכוּ הָבִיאוּ שֶׁבֶר רַעֲבוֹן בָּתֵּיכֶם׃ וְאֶת־אֲחִיכֶם
הַקָּטֹן תָּבִיאוּ אֵלַי וְיֵאָמְנוּ דִבְרֵיכֶם וְלֹא תָמוּתוּ וַיַּעֲשׂוּ־כֵן׃
21 וַיֹּאמְרוּ אִישׁ אֶל־אָחִיו אֲבָל אֲשֵׁמִים ׀ אֲנַחְנוּ עַל־אָחִינוּ
אֲשֶׁר רָאִינוּ צָרַת נַפְשׁוֹ בְּהִתְחַנְנוֹ אֵלֵינוּ וְלֹא שָׁמָעְנוּ עַל־

גייט אראפ דארט אהין אונד קויפט אונס קארן פון דארטען, אז מיר זאלען לעבען אונד ניט שטארבען: 3 אונד דיא צעהן ברידער פון יוסף זענען אראפגעגאנגען צו קויפען קארן אין מצרים: 4 אבער דעם בנימן יוסף'ס ברודער האט יעקב ניט געשיקט מיט זיינע ברידער, ווארין ער האט געזאגט, טאמער וועט איהם איין אומגליק טרעפען: 5 אונד דיא זיהן פון ישראל זענען געקומען צו קויפען קארן, צווישען דיא וואס זענען געקומען, ווארין דער הונגער איז געוועזען אין דעם לאנד כנען: 6 אונד יוסף, איז געוועזען דער געוועלטיגער איבער דעם לאנד, ער איז געוועזען דער קארן פערקויפער צו דעם גאנצען פאלק פון דעם לאנד, אונד דיא ברידער פון יוסף זענען געקומען אונד זייא האבען זיך צו איהם געבוקט מיט זייער פנים צו דער ערד: 7 אונד ווען יוסף האט געזעהען זיינע ברידער, האט ער זייא דערקענט, אבער ער האט זיך געמאכט פרעמד צו זייא אונד ער האט גערעט מיט זייא הארט, אונד ער האט צו זייא געזאגט, פון וואו קומט איהר? אונד זייא האבען געזאגט, פון דעם לאנד כנען צו קויפען שפייז: 8 אונד יוסף האט דערקענט זיינע ברידער, אבער זייא האבען איהם ניט דערקענט: 9 אונד יוסף האט געדענקט אן דיא חלומות וואס ער האט געחלומט וועגען זייא. אונד ער האט צו זייא געזאגט, איהר זייט אויסזעהער, איהר זייט געקומען אויסצוזעהען דיא נאקעטהייט פון דעם לאנד: 10 אונד זייא האבען צו איהם געזאגט, ניין, מיין האר, נייערט דיינע קנעכט זענען געקומען צו קויפען שפייז: 11 מיר אלע זענען דיא זיהן פון איין מאן, מיר זענען עהרליכע לייט, דיינע קנעכט זענען ניט געוועזען אויסזעהער: 12 אבער ער האט צו זייא געזאגט, ניין, נייערט דיא נאקעטהייט פון דעם לאנד זענט איהר געקומען אויסצוזעהען: 13 אונד זייא האבען געזאגט, מיר דיינע קנעכט זענען צוועלף ברידער, דיא זיהן פון איין מאן אין דעם לאנד כנען, אונד זעה, דער קלענסטער איז היינט בייא אונזער פאטער, אונד דער איינער איז ניט דא: 14 אונד יוסף האט צו זייא געזאגט, דאס איז וואס איך האב צו אייך געזאגט, איהר זייט אויסזעהער: 15 מיט דעם דאזיגען זאלט איהר געפרופט ווערען, בייא דעם לעבען פון פרעה, איהר זאלט ניט ארויסגיין פון דאנען, ביז אייער קלענערער ברודער וועט אהער קומען! 16 שיקט איינעם פון אייך, אז ער זאל ברענגען אייער ברודער אונד איהר זאלט געבונדען ווערען, אזוי וועלען אייערע ווערטער געפרופט ווערען אויב דיא ווארהייט איז מיט אייך, אונד ווען ניט, בייא דעם לעבען פון פרעה איהר זייט אויסזעהער: 17 אונד ער האט זייא פערזאמעלט אין דיא היטונג דרייא טעג: 18 אונד יוסף האט געזאגט צו זייא אין דעם דריטען טאג, טהוט דאס אונד לעבט, ווארין איך פארכט גאט: 19 ווען איהר זייט עהרליך, אזוי זאל איינער פון אייערע ברידער געבונדען זיין אין דעם הויז פון אייערע היטונג אונד איהר, גייט ברענגט קארן פאר דעם הונגער פון אייערע הייזער: 20 אונד ברענגט אייער קלענסטען ברודער צו מיר, אזוי וועלען אייערע ווערטער געגלויבט ווערען, אונד איהר זאלט ניט שטארבען. אונד זייא האבען אזוי געטהון: 21 אונד זייא האבען געזאגט איינער צום אנדערען, באמת, מיר זענען שולדיג וועגען אונזער ברודער, ווען מיר האבען געזעהען דיא צרות פון זיין לייב ווען ער האט אונס געבעטען, אונד מיר האבען ניט געהערט, איבער

דעם

כן באה אלינו הצרה הזאת: ויען ראובן אתם לאמר 22
הלוא אמרתי אליכם ׀ לאמר אל־תחטאו בילד ולא
שמעתם וגם־דמו הנה נדרש: והם לא ידעו כי שמע 23
יוסף כי המליץ בינתם: ויסב מעליהם ויבך וישב 24
אלהם וידבר אלהם ויקח מאתם את־שמעון ויאסר אתו
לעיניהם: ויצו יוסף וימלאו את־כליהם בר ולהשיב כה
כספיהם איש אל־שקו ולתת להם צדה לדרך ויעש
להם כן: וישאו את־שברם על־חמריהם וילכו משם: 26
ויפתח האחד את־שקו לתת מספוא לחמרו במלון וירא 27
את־כספו והנה־הוא בפי אמתחתו: ויאמר אל־אחיו 28
הושב כספי וגם הנה באמתחתי ויצא לבם ויחרדו איש
אל־אחיו לאמר מה־זאת עשה אלהים לנו: ויבאו אל־ 29
יעקב אביהם ארצה כנען ויגידו לו את כל־הקרת אתם
לאמר: דבר האיש אדני הארץ אתנו קשות ויתן אתנו ל
כמרגלים את־הארץ: ונאמר אליו כנים אנחנו לא היינו 31
מרגלים: שנים־עשר אנחנו אחים בני אבינו האחד איננו 32
והקטן היום את־אבינו בארץ כנען: ויאמר אלינו האיש 33
אדני הארץ בזאת אדע כי כנים אתם אחיכם האחד
הניחו אתי ואת־רעבון בתיכם קחו ולכו: והביאו את־ 34
אחיכם הקטן אלי ואדעה כי לא מרגלים אתם כי כנים
אתם את־אחיכם אתן לכם ואת־הארץ תסחרו: ויהי לה
הם מריקים שקיהם והנה־איש צרור־כספו בשקו
ויראו את־צררות כספיהם המה ואביהם וייראו: ויאמר 36
אלהם יעקב אביהם אתי שכלתם יוסף איננו ושמעון
איננו ואת־בנימן תקחו עלי היו כלנה: ויאמר ראובן 37
אל־אביו לאמר את־שני בני תמית אם־לא אביאנו
אליך תנה אתו על־ידי ואני אשיבנו אליך: ויאמר לא־ 38

דעם איז דיא דאזיגע צרה געקומען צו אונס: 22 אונד ראובן האט זייא גע־ענטפערט אונד געזאגט, האב איך אייך ניט געזאגט, זינדיגט ניט אן דעם קינד, אונד איהר האט ניט געהערט, אונד נון ווערט אויך זיין בלוט פערלאנגט: 23 אונד זייא האבען ניט געוואוסט אז יוסף האט פערשטאנען, ווייל עס איז געוועזען א דאלמעטשער צווישען זייא: 24 אונד ער האט זיך אפגעקערט פון זייא, אונד ער האט געוויינט. אונד ער איז צו זייא צוריקגעקומען אונד ער האט מיט זייא גערעט, אונד ער האט גענומען פון זייא שמעון, אונד ער האט איהם געבונדען פאר זייערע אויגען: 25 אונד יוסף האט געבאטען, אז זייא זאלען אנפילען זייערע כלים מיט קארן, אונד צוריק לייגען זייער געלד איטליכען אין זיין זאק, אונד צו זייא געבען שפייז אויף דעם וועג, אונד מען האט זייא אזוי געטהון: 26 אונד זייא האבען אויפגע־הויבען זייער קארן אויף זייערע איזעל, אונד זייא זענען אוועקגעגאנגען פון דארטען: 27 אונד איינער האט אויפ־געמאכט זיין זאק צו געבען פוטער צו זיין איזעל, אין דער הערבערג, אונד ער האט געזעהען זיין געלד, אונד נון עס איז געוועזען אין דעם מויל פון זיין זאק: 28 אונד ער האט געזאגט צו זיינע ברידער, מיין געלד איז צוריקגעלייגט געווארען, אונד זעה עס איז אויך אין מיין זאק, אונד זייער הארץ איז אויסגעגאנגען, אונד זייא האבען געזאגט מיט ציטערניש איינער צום אנדערען צו זאגען, וואס איז דאס וואס גאט האט צו אונס געטהון? 29 אונד זייא זענען געקומען צו יעקב זייער פאטער אין דעם לאנד כנען, אונד זייא האבען איהם דערציילט אלעס וואס האט זיך צו זייא געטראפען, צו זאגען: 30 דער מאן, דער האר פון דעם לאנד האט גערעט הארט מיט אונס, אונד ער האט אונס געהאלטען גלייך ווייא אויסזעהער פון דעם לאנד: 31 אונד מיר האבען צו איהם געזאגט, מיר זענען עהרליכע לייט, מיר זענען ניט געוועזען קיינע אויסזעהער: 32 מיר זענען צוועלף ברידער, דיא זיהן פון אונזער פאטער, דער איינער איז ניט דא, אונד דער קלענסטער איז היינט מיט אונזער פאטער אין דעם לאנד כנען: 33 אונד דער מאן, דער האר פון דעם לאנד האט צו אונס געזאגט, מיט דעם וועל איך וויסען אז איהר זייט עהרליכע לייט, לאזט איינעם פון אייערע ברידער מיט מיר, אונד נעמט פאר דעם הונגער פון אייערע הייזער אונד גייט: 34 אונד ברענגט אייער קלענסטען ברודער צו מיר, אונד איך וועל וויסען אז איהר זייט ניט קיינע אויסזעהער נייערט איהר זייט עהרליכע לייט, איך וועל אייך געבען אייער ברודער, אונד איהר זאלט האנדלען אין דעם לאנד: 35 אונד עס איז געוועזען ווען זייא האבען אויסגעליידיגט זייערע זעק, אונד זעה, איטליכער האט געהאט זיין בינדעל געלד אין זיין זאק, אונד ווען זייא האבען געזעהען דיא בינדלעך פון זייער געלד, זייא אונד זייער פאטער, אזוי האבען זייא זיך געפארכטען: 36 אונד יעקב זייער פאטער האט צו זייא געזאגט, איהר האט מיך בערויבט פון קינדער, יוסף איז ניט דא, אונד שמעון איז ניט דא, אונד דעם בנימין ווילט איהר נעמען, דאס אלעס קומט אויף מיר: 37 אונד ראובן האט געזאגט צו זיין פאטער, דוא זאלסט טייטען מיינע צווייא קינדער, ווען איך וועל איהם ניט צו דיר ברענגען, גיב איהם אין מיינע האנד אונד איך וועל איהם צו דיר צוריקברענגען: 38 אונד ער האט געזאגט,

יֵרֵד בְּנִי עִמָּכֶם כִּי־אָחִיו מֵת וְהוּא לְבַדּוֹ נִשְׁאָר וּקְרָאָהוּ
אָסוֹן בַּדֶּרֶךְ אֲשֶׁר תֵּלְכוּ־בָהּ וְהוֹרַדְתֶּם אֶת־שֵׂיבָתִי בְּיָגוֹן
שְׁאוֹלָה:

מג

2 א וְהָרָעָב כָּבֵד בָּאָרֶץ: וַיְהִי כַּאֲשֶׁר כִּלּוּ לֶאֱכֹל אֶת־הַשֶּׁבֶר
אֲשֶׁר הֵבִיאוּ מִמִּצְרָיִם וַיֹּאמֶר אֲלֵיהֶם אֲבִיהֶם שֻׁבוּ שִׁבְרוּ־
3 לָנוּ מְעַט־אֹכֶל: וַיֹּאמֶר אֵלָיו יְהוּדָה לֵאמֹר הָעֵד הֵעִד
בָּנוּ הָאִישׁ לֵאמֹר לֹא־תִרְאוּ פָנַי בִּלְתִּי אֲחִיכֶם אִתְּכֶם:
4 אִם־יֶשְׁךָ מְשַׁלֵּחַ אֶת־אָחִינוּ אִתָּנוּ נֵרְדָה וְנִשְׁבְּרָה לְךָ
ה אֹכֶל: וְאִם־אֵינְךָ מְשַׁלֵּחַ לֹא נֵרֵד כִּי־הָאִישׁ אָמַר אֵלֵינוּ
6 לֹא־תִרְאוּ פָנַי בִּלְתִּי אֲחִיכֶם אִתְּכֶם: וַיֹּאמֶר יִשְׂרָאֵל לָמָה
7 הֲרֵעֹתֶם לִי לְהַגִּיד לָאִישׁ הַעוֹד לָכֶם אָח: וַיֹּאמְרוּ שָׁאוֹל
שָׁאַל־הָאִישׁ לָנוּ וּלְמוֹלַדְתֵּנוּ לֵאמֹר הַעוֹד אֲבִיכֶם חַי הֲיֵשׁ
לָכֶם אָח וַנַּגֶּד־לוֹ עַל־פִּי הַדְּבָרִים הָאֵלֶּה הֲיָדוֹעַ נֵדַע כִּי
8 יֹאמַר הוֹרִידוּ אֶת־אֲחִיכֶם: וַיֹּאמֶר יְהוּדָה אֶל־יִשְׂרָאֵל
אָבִיו שִׁלְחָה הַנַּעַר אִתִּי וְנָקוּמָה וְנֵלֵכָה וְנִחְיֶה וְלֹא נָמוּת
9 גַּם־אֲנַחְנוּ גַם־אַתָּה גַּם־טַפֵּנוּ: אָנֹכִי אֶעֶרְבֶנּוּ מִיָּדִי תְּבַקְשֶׁנּוּ
אִם־לֹא הֲבִיאֹתִיו אֵלֶיךָ וְהִצַּגְתִּיו לְפָנֶיךָ וְחָטָאתִי לְךָ
י כָּל־הַיָּמִים: כִּי לוּלֵא הִתְמַהְמָהְנוּ כִּי־עַתָּה שַׁבְנוּ זֶה
11 פַעֲמָיִם: וַיֹּאמֶר אֲלֵהֶם יִשְׂרָאֵל אֲבִיהֶם אִם־כֵּן | אֵפוֹא
זֹאת עֲשׂוּ קְחוּ מִזִּמְרַת הָאָרֶץ בִּכְלֵיכֶם וְהוֹרִידוּ לָאִישׁ
מִנְחָה מְעַט צֳרִי וּמְעַט דְּבַשׁ נְכֹאת וָלֹט בָּטְנִים וּשְׁקֵדִים:
12 וְכֶסֶף מִשְׁנֶה קְחוּ בְיֶדְכֶם וְאֶת־הַכֶּסֶף הַמּוּשָׁב בְּפִי
13 אַמְתְּחֹתֵיכֶם תָּשִׁיבוּ בְיֶדְכֶם אוּלַי מִשְׁגֶּה הוּא: וְאֶת־
14 אֲחִיכֶם קָחוּ וְקוּמוּ שׁוּבוּ אֶל־הָאִישׁ: וְאֵל שַׁדַּי יִתֵּן לָכֶם
רַחֲמִים לִפְנֵי הָאִישׁ וְשִׁלַּח לָכֶם אֶת־אֲחִיכֶם אַחֵר וְאֶת־
טו בִּנְיָמִין וַאֲנִי כַּאֲשֶׁר שָׁכֹלְתִּי שָׁכָלְתִּי: וַיִּקְחוּ הָאֲנָשִׁים אֶת־

מיין זוהן זאל ניט אראפגיין מיט אייך, דען זיין ברודער איז טויט, אונד ער איז אליין איבערגעבליבען, אונד איין אומגליק קען איהם טרעפען אויף דעם וועג אויף וועלכען איהר וועט גיין, אזוי וועט איהר מאכען נידערען מיינע עלטער מיט טרויריגקייט צו דער גרוב:

קאפיטעל מג

1 דער הונגער איז געוועזען שווער אין דעם לאנד: 2 אונד עס איז געוועזען ווען זייא האבען געענדיגט צו עסען דאס קארן וואס זייא האבען געברענגט פון מצרים, אזוי האט זייער פאטער צו זייא געזאגט, קעהרט ווידער, קויפט פאר אונס א ביסעל שפייז: 3 אונד יהודה האט צו איהם געזאגט, דער מאן האט אונס געווארענט צו זאגען, איהר זאלט ניט זעהען מיין פנים, עס זייא דען אייער ברודער איז מיט אייך: 4 ווען דוא וועסט שיקען אונזער ברודער מיט אונס, וועלען מיר אראפגיין אונד מיר וועלען קויפען שפייז פאר דיר: 5 אונד ווען דוא וועסט ניט שיקען וועלען מיר ניט אראפגיין, ווייל דער מאן האט צו אונס געזאגט, איהר זאלט ניט זעהען מיין פנים, עס זייא דען אייער ברודער איז מיט אייך: 6 אונד ישראל האט געזאגט, פארוואס האט איהר מיר שלעכטעס געטהון, דעם מאן צו זאגען אז איהר האט נאך א ברודער: 7 אונד זייא האבען געזאגט, דער מאן האט געפרעגט נאך אונס אונד נאך אונזער געשלעכט, צו זאגען, לעבט נאך אייער פאטער? האט איהר א ברודער? אונד מיר האבען צו איהם געזאגט לויט דיא דאזיגע ווערטער, האבען מיר דען געקענט וויסען אז ער וועט זאגען ברענגט אראפ אייער ברודער? 8 אונד יהודה האט געזאגט צו ישראל זיין פאטער, שיק דעם יונג מיט מיר, אונד מיר וועלען אויפשטיין אונד מיר וועלען גיין, אז מיר זאלען לעבען אונד מיר זאלען ניט שטארבען, אויך מיר, אויך דוא, אויך אונזערע קליינע קינדער: 9 איך וועל ערב זיין פאר איהם, פון מיין האנד זאלסט דוא איהם פערלאנגען. ווען איך וועל איהם ניט צוריקברענגען צו דיר אונד איהם פאר דיר שטעלען, אזוי האב איך געזינדיגט קעגען דיר אלע טעג: 10 דען ווען מיר וואלטען זיך ניט געזוימט, וואלטען מיר אצונד שוין צוויא מאל צוריקגעוועזען: 11 אונד ישראל זייער פאטער האט צו זייא געזאגט, ווען עס נון אזוי איז, טהוט דאס דאזיגע, נעמט פון דער פרוכט פון דעם לאנד אין אייערע כלים אונד ברענגט אראפ א מתנה צו דעם מאן, א ביסעל באלזאם אונד א ביסעל האניג, געווירץ, אונד לאדאנום דאטעלן אונד מאנדעלן: 12 אונד נעמט דאפעלט געלד אין אייערע הענד, אונד דאס געלד וואס איז צוריקגעלייגט געווארען אין דעם מויל פון אייערע זעק זאלט איהר צוריקברענגען אין אייערע הענד, טאמער איז עס געוועזען א טעות: 13 אונד נעמט אייער ברודער, אונד שטעהט אויף אונד קערט צוריק צו דעם מאן: 14 אונד דער אלמעכטיגער גאט זאל אייך געבען בארעמהערציגקייט פאר דעם מאן, אז ער זאל שיקען מיט אייך אייער אנדערען ברודער, אונד דעם בנימין. אונד איך,—ווען איך בין בערויבט פון קינדער אזוי בין איך בערויבט: 15 אונד דיא מענער האבען גענומען דיא

דאזיגע

דאזיגע מתנה אונד זייא האבען גענומען דאפעלט געלד אין זייערע הענד, אונד דעם בנימין, אונד זייא זענען אויפגעשטאנען, אונד זייא זענען אראפגעגאנגען קיין מצרים, אונד זייא האבען זיך געשטעלט פאר יוסף׃ 16 אונד ווען יוסף האט געזעהען מיט זייא דעם בנימין, האט ער געזאגט צו דעם וואס איז געוועזען איבער זיין הויז, ברענג דיא מענער אין דעם הויז אריין, אונד שעכט א שעכטונג, אונד מאך פערטיג, וואריין דיא מענער זאלען מיט מיר צו מיטאג עסען׃ 17 אונד דער מאן האט געטהון אזוי וויא יוסף האט געזאגט, אונד דער מאן האט אריינגעבראכט דיא מענער אין דעם הויז פון יוסף׃ 18 אונד דיא מענער האבען זיך געפארכטען, ווייל זייא זענען אריינגעבראכט געווארען אין יוסף׳ס הויז, אונד זייא האבען געזאגט, פון וועגען דעם געלד וואס איז צוריקגעלייגט געווארען אין אונזערע זעק אים אנפאנג, זענען מיר אריינגעבראכט געווארען, זיך אויף אונס ארויפצווארפען, אונד אונס צו איבערפאלען, אונד אונס צו נעמען צו קנעכט, אונד אונזערע אייזעל׃ 19 אונד זייא האבען זיך גענעהנט צו דעם מאן וואס איז געוועזען איבער יוסף׳ס הויז, אונד זייא האבען צו איהם גערעט ביי דער טיר פון דעם הויז׃ 20 אונד זייא האבען געזאגט, איך בעט מיין האר, מיר זענען אראפגעקומען אים אנפאנג צו קויפען שפייז׃ 21 אונד עס איז געוועזען ווען מיר זענען געקומען צו דער הערבערג אזוי האבען מיר אויפגעמאכט אונזערע זעק, אונד נון דאס געלד פון איטליכען איז געוועזען אים מויל פון זיין זאק, אונזער געלד מיט זיין געוויכט, אונד מיר האבען עס צוריקגעבראכט אין אונזערע הענד׃ 22 אונד אנדערעס געלד האבען מיר אראפגעבראכט אין אונזערע הענד שפייז צו קויפען, מיר וויסען ניט ווער עס האט אונזער געלד געלייגט אין אונזערע זעק׃ 23 אונד ער האט געזאגט, שלום צו אייך, פארכט אייך ניט, אייער גאט אונד דער גאט פון אייערע פעטער, האט איין אוצר צו אייך געגעבען אין אייערע זעק, אייער געלד איז צו מיר אנגעקומען, אונד ער האט דעם שמעון צו זייא ארויסגעבראכט׃ 24 אונד דער מאן האט אריינגעבראכט דיא מענער אין יוסף׳ס הויז, אונד ער האט זייא געגעבען וואסער, אונד זייא האבען זיך געוואשען זייערע פיס, אונד ער האט געגעבען פוטער צו זייערע אייזעל׃ 25 אונד זייא האבען אנגעגרייט דיא מתנה ביז יוסף וועט קומען צו מיטאג, וואריין זייא האבען געהערט אז זייא וועלען דארט ברויט עסען׃ 26 אונד ווען יוסף איז אריינגעקומען אין דעם הויז, האבען זייא איהם געבראכט דיא מתנה, וואס איז געוועזען אין זייערע הענד, אין דעם הויז אריין, אונד זייא האבען זיך צו איהם געביקט צו דער ערד׃ 27 אונד ער האט געפרעגט נאך זייער שלום, אונד ער האט געזאגט, איז שלום צו אייערען אלטען פאטער, וואס איהר האט געזאגט, לעבט ער נאך? 28 אונד זייא האבען געזאגט עס איז שלום צו דיין קנעכט אונזער פאטער, ער לעבט נאך, אונד זייא האבען זיך געניינט אונד זייא האבען זיך געביקט׃ 29 אונד ווען ער האט אויפגעהויבען זיינע אויגען האט ער געזעהען דעם בנימין זיין ברודער, דער זוהן פון זיינע מוטער, אונד ער האט געזאגט, איז דער דאזיגער אייער קלענסטער ברודער, פון וועלכען איהר האט צו מיר געזאגט? אונד ער האט געזאגט, גאט זאל דיך לייטזעליגען מיין זוהן׃ 30 אונד יוסף האט זיך געאיילט, ווייל זיינע בארעמהערציגקייטען האבען זיך אין איהם דערהיצט איבער זיין ברודער, אונד ער האט בעגעהרט צו וויינען, אונד ער איז אריינגעגאנגען אים צימער

הַמִּנְחָה הַזֹּאת וּמִשְׁנֶה־כֶּסֶף לָקְחוּ בְיָדָם וְאֶת־בִּנְיָמִן
וַיָּקֻמוּ וַיֵּרְדוּ מִצְרַיִם וַיַּעַמְדוּ לִפְנֵי יוֹסֵף׃ וַיַּרְא יוֹסֵף 16
אִתָּם אֶת־בִּנְיָמִין וַיֹּאמֶר לַאֲשֶׁר עַל־בֵּיתוֹ הָבֵא אֶת־הָאֲנָשִׁים
הַבָּיְתָה וּטְבֹחַ טֶבַח וְהָכֵן כִּי אִתִּי יֹאכְלוּ הָאֲנָשִׁים
בַּצָּהֳרָיִם׃ וַיַּעַשׂ הָאִישׁ כַּאֲשֶׁר אָמַר יוֹסֵף וַיָּבֵא הָאִישׁ 17
אֶת־הָאֲנָשִׁים בֵּיתָה יוֹסֵף׃ וַיִּירְאוּ הָאֲנָשִׁים כִּי הוּבְאוּ 18
בֵּית יוֹסֵף וַיֹּאמְרוּ עַל־דְּבַר הַכֶּסֶף הַשָּׁב בְּאַמְתְּחֹתֵינוּ
בַּתְּחִלָּה אֲנַחְנוּ מוּבָאִים לְהִתְגֹּלֵל עָלֵינוּ וּלְהִתְנַפֵּל עָלֵינוּ
וְלָקַחַת אֹתָנוּ לַעֲבָדִים וְאֶת־חֲמֹרֵינוּ׃ וַיִּגְּשׁוּ אֶל־הָאִישׁ 19
אֲשֶׁר עַל־בֵּית יוֹסֵף וַיְדַבְּרוּ אֵלָיו פֶּתַח הַבָּיִת׃ וַיֹּאמְרוּ כ
בִּי אֲדֹנִי יָרֹד יָרַדְנוּ בַּתְּחִלָּה לִשְׁבָּר־אֹכֶל׃ וַיְהִי כִּי־בָאנוּ 21
אֶל־הַמָּלוֹן וַנִּפְתְּחָה אֶת־אַמְתְּחֹתֵינוּ וְהִנֵּה כֶסֶף־אִישׁ בְּפִי
אַמְתַּחְתּוֹ כַּסְפֵּנוּ בְּמִשְׁקָלוֹ וַנָּשֶׁב אֹתוֹ בְּיָדֵנוּ׃ וְכֶסֶף אַחֵר 22
הוֹרַדְנוּ בְיָדֵנוּ לִשְׁבָּר־אֹכֶל לֹא יָדַעְנוּ מִי־שָׂם כַּסְפֵּנוּ
בְּאַמְתְּחֹתֵינוּ׃ וַיֹּאמֶר שָׁלוֹם לָכֶם אַל־תִּירָאוּ אֱלֹהֵיכֶם 23
וֵאלֹהֵי אֲבִיכֶם נָתַן לָכֶם מַטְמוֹן בְּאַמְתְּחֹתֵיכֶם כַּסְפְּכֶם
בָּא אֵלָי וַיּוֹצֵא אֲלֵהֶם אֶת־שִׁמְעוֹן׃ וַיָּבֵא הָאִישׁ אֶת־ 24
הָאֲנָשִׁים בֵּיתָה יוֹסֵף וַיִּתֶּן־מַיִם וַיִּרְחֲצוּ רַגְלֵיהֶם וַיִּתֵּן
מִסְפּוֹא לַחֲמֹרֵיהֶם׃ וַיָּכִינוּ אֶת־הַמִּנְחָה עַד־בּוֹא יוֹסֵף כה
בַּצָּהֳרָיִם כִּי שָׁמְעוּ כִּי־שָׁם יֹאכְלוּ לָחֶם׃ וַיָּבֹא יוֹסֵף הַבַּיְתָה 26
וַיָּבִיאוּ לוֹ אֶת־הַמִּנְחָה אֲשֶׁר־בְּיָדָם הַבָּיְתָה וַיִּשְׁתַּחֲווּ־לוֹ
אָרְצָה׃ וַיִּשְׁאַל לָהֶם לְשָׁלוֹם וַיֹּאמֶר הֲשָׁלוֹם אֲבִיכֶם 27
הַזָּקֵן אֲשֶׁר אֲמַרְתֶּם הַעוֹדֶנּוּ חָי׃ וַיֹּאמְרוּ שָׁלוֹם לְעַבְדְּךָ 28
לְאָבִינוּ עוֹדֶנּוּ חָי וַיִּקְּדוּ וַיִּשְׁתַּחֲוֻּ׃ וַיִּשָּׂא עֵינָיו וַיַּרְא אֶת־ 29
בִּנְיָמִין אָחִיו בֶּן־אִמּוֹ וַיֹּאמֶר הֲזֶה אֲחִיכֶם הַקָּטֹן אֲשֶׁר
אֲמַרְתֶּם אֵלָי וַיֹּאמַר אֱלֹהִים יָחְנְךָ בְּנִי׃ וַיְמַהֵר יוֹסֵף כִּי־ ל
נִכְמְרוּ רַחֲמָיו אֶל־אָחִיו וַיְבַקֵּשׁ לִבְכּוֹת וַיָּבֹא הַחַדְרָה

אונד

31 נִבְכָּה שָׁמָּה׃ וַיִּרְחַץ פָּנָיו וַיֵּצֵא וַיִּתְאַפַּק וַיֹּאמֶר שִׂימוּ
32 לָחֶם׃ וַיָּשִׂימוּ לוֹ לְבַדּוֹ וְלָהֶם לְבַדָּם וְלַמִּצְרִים הָאֹכְלִים
אִתּוֹ לְבַדָּם כִּי לֹא יוּכְלוּן הַמִּצְרִים לֶאֱכֹל אֶת־הָעִבְרִים
33 לֶחֶם כִּי־תוֹעֵבָה הִוא לְמִצְרָיִם׃ וַיֵּשְׁבוּ לְפָנָיו הַבְּכֹר
כִּבְכֹרָתוֹ וְהַצָּעִיר כִּצְעִרָתוֹ וַיִּתְמְהוּ הָאֲנָשִׁים אִישׁ אֶל־
34 רֵעֵהוּ׃ וַיִּשָּׂא מַשְׂאֹת מֵאֵת פָּנָיו אֲלֵהֶם וַתֵּרֶב מַשְׂאַת בִּנְיָמִן
מִמַּשְׂאֹת כֻּלָּם חָמֵשׁ יָדוֹת וַיִּשְׁתּוּ וַיִּשְׁכְּרוּ עִמּוֹ׃

# מד

א וַיְצַו אֶת־אֲשֶׁר עַל־בֵּיתוֹ לֵאמֹר מַלֵּא אֶת־אַמְתְּחֹת הָאֲנָשִׁים
אֹכֶל כַּאֲשֶׁר יוּכְלוּן שְׂאֵת וְשִׂים כֶּסֶף־אִישׁ בְּפִי אַמְתַּחְתּוֹ׃
2 וְאֶת־גְּבִיעִי גְּבִיעַ הַכֶּסֶף תָּשִׂים בְּפִי אַמְתַּחַת הַקָּטֹן וְאֵת
3 כֶּסֶף שִׁבְרוֹ וַיַּעַשׂ כִּדְבַר יוֹסֵף אֲשֶׁר דִּבֵּר׃ הַבֹּקֶר אוֹר
4 וְהָאֲנָשִׁים שֻׁלְּחוּ הֵמָּה וַחֲמֹרֵיהֶם׃ הֵם יָצְאוּ אֶת־הָעִיר
לֹא הִרְחִיקוּ וְיוֹסֵף אָמַר לַאֲשֶׁר עַל־בֵּיתוֹ קוּם רְדֹף אַחֲרֵי
הָאֲנָשִׁים וְהִשַּׂגְתָּם וְאָמַרְתָּ אֲלֵהֶם לָמָּה שִׁלַּמְתֶּם רָעָה
ה תַּחַת טוֹבָה׃ הֲלוֹא זֶה אֲשֶׁר יִשְׁתֶּה אֲדֹנִי בּוֹ וְהוּא נַחֵשׁ
6 יְנַחֵשׁ בּוֹ הֲרֵעֹתֶם אֲשֶׁר עֲשִׂיתֶם׃ וַיַּשִּׂגֵם וַיְדַבֵּר אֲלֵהֶם
7 אֶת־הַדְּבָרִים הָאֵלֶּה׃ וַיֹּאמְרוּ אֵלָיו לָמָּה יְדַבֵּר אֲדֹנִי
8 כַּדְּבָרִים הָאֵלֶּה חָלִילָה לַעֲבָדֶיךָ מֵעֲשׂוֹת כַּדָּבָר הַזֶּה׃ הֵן
כֶּסֶף אֲשֶׁר מָצָאנוּ בְּפִי אַמְתְּחֹתֵינוּ הֱשִׁיבֹנוּ אֵלֶיךָ מֵאֶרֶץ
9 כְּנָעַן וְאֵיךְ נִגְנֹב מִבֵּית אֲדֹנֶיךָ כֶּסֶף אוֹ זָהָב׃ אֲשֶׁר יִמָּצֵא
אִתּוֹ מֵעֲבָדֶיךָ וָמֵת וְגַם־אֲנַחְנוּ נִהְיֶה לַאדֹנִי לַעֲבָדִים׃
י וַיֹּאמֶר גַּם־עַתָּה כְדִבְרֵיכֶם כֶּן־הוּא אֲשֶׁר יִמָּצֵא אִתּוֹ יִהְיֶה־
11 לִּי עָבֶד וְאַתֶּם תִּהְיוּ נְקִיִּם׃ וַיְמַהֲרוּ וַיּוֹרִדוּ אִישׁ אֶת־
12 אַמְתַּחְתּוֹ אָרְצָה וַיִּפְתְּחוּ אִישׁ אַמְתַּחְתּוֹ׃ וַיְחַפֵּשׂ בַּגָּדוֹל
הֵחֵל וּבַקָּטֹן כִּלָּה וַיִּמָּצֵא הַגָּבִיעַ בְּאַמְתַּחַת בִּנְיָמִן׃
13 וַיִּקְרְעוּ שִׂמְלֹתָם וַיַּעֲמֹס אִישׁ עַל־חֲמֹרוֹ וַיָּשֻׁבוּ הָעִירָה׃

אוּנד עֶר הָאט דָארְט גֶעוויינְט: 31 אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ גֶעוַואשֶׁען זַיין פָּנִים, אוּנְד עֶר אִיז אַרוֹיסגֶעגַאנְגֶען, אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ אֵיינְגֶעהַאלְטֶען, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט גִיבְּט אַהֶער בְּרוֹיט: 32 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אוֹיפְגֶעגֶעבֶּען צוּ אִיהְם בֶּעזוּנְדֶער אוּנְד צוּ זֵייא בֶּעזוּנְדֶער, אוּנְד צוּ דִיא מִצְרִים וָואס הָאבֶּען מִיט אִיהְם גֶעגֶעסֶען בֶּעזוּנְדֶער, וֵוייל דִיא מִצְרִים הָאבֶּען נִיט גֶעקָאנְט עֶסֶען בְּרוֹיט מִיט דִיא עִבְרִים, וֵוייל עֶס אִיז אֵיינֶע אוּמְווִירְדִיגְקֵייט צוּ דִיא מִצְרִים: 33 אוּנְד זֵייא זֶענֶען גֶעזֶע־סֶען פַאר אִיהְם, דֶער עֶלְטֶערֶער נָאךְ זֵיין עֶלְטֶער, אוּנְד דֶער יוּנְגֶערֶער נָאךְ זֵיינֶע יוּגֶענְד נָאךְ, אוּנְד דִיא מֶענֶער הָאבֶּען זִיךְ פֶערְוואוּנְדֶערְט אֵיינֶער צוּ דֶעם אַנְדֶערֶען: 34 אוּנְד מֶען הָאט גֶעטְרָאגֶען גָאבֶּען, פוּן פַאר אִיהְם צוּ זֵייא, אוּנְד דָאס חֵלֶק פוּן בִּנְיָמִין אִיז פִינְף מָאל מֶעהְר גֶעוֶועזֶען פוּן דִיא חֲלָקִים פוּן זֵייא אַלֶע, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעטְרוּנְקֶען, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זִיךְ אָנְגֶעשִׁכּוֹרְט בֵּייא אִיהְם:

## קאפיטעל מד

1 אוּנְד עֶר הָאט גֶעבָּאטֶען דֶעם וָואס אִיז גֶעוֶועזֶען אִיבֶּער זֵיין הוֹיז, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, פִיל אָן דִיא זֶעק פוּן דִיא מֶענֶער מִיט שְׁפֵּייז, אַזוֹי פִיל ווִיא זֵייא קֶענֶען טְרָאגֶען, אוּנְד לֵייג דָאס גֶעלְד פוּן אִיטְלִיכֶען מַאן אִין דֶעם מוֹיל פוּן זֵיין זַאק: 2 אוּנְד מֵיין בֶּעכֶער, דֶעם זִילְבֶּערְנֶעם בֶּעכֶער זָאלְסְט דוּא לֵייגֶען אִין דֶעם מוֹיל פוּן זַאק פוּן דֶעם קְלֶענְסְטֶען, אוּנְד דָאס גֶעלְד פוּן זֵיין קָארְן. אוּנְד עֶר הָאט גֶעטְהוּן אַזוֹי ווִיא דָאס וָוארְט פוּן יוֹסֵף וָואס עֶר הָאט גֶערֶעט: 3 אִין דֶעם מָארְגֶען וֶוען עֶס אִיז לִיכְטִיג גֶעוָוארֶען, זֶענֶען דִיא מֶענֶער אַוֶועקְגֶעשִׁיקְט גֶעוָוארֶען, זֵייא אוּנְד זֵיירֶע אֵייזֶעל: 4 זֵייא זֶענֶען אַרוֹיסגֶעגַאנְגֶען פוּן דִיא שְׁטָאט, זֵייא זֶענֶען נָאךְ נִיט ווֵייט גֶעוֶועזֶען, אַזוֹי הָאט יוֹסֵף גֶעזָאגְט צוּ דֶעם וָואס אִיז גֶעוֶועזֶען אִיבֶּער זֵיין הוֹיז, שְׁטֶעה אוֹיף אוּנְד יָאג נָאךְ דִיא מֶענֶער, אוּנְד וֶוען דוּא וֶועסְט זֵייא גְרֵייכֶען זָאלְסְט דוּא צוּ זֵייא זָאגֶען, פַארְוָואס הָאט אִיהְר בֶּעצָאלְט שְׁלֶעכְטֶעס אַנְשְׁטָאט גוּטֶעס? 5 פַאר־וָואהְר, דֶער דָאזִיגֶער בֶּעכֶער אִיז וָואס מֵיין הַאר טְרִינְקְט אוֹיס אִיהְם, אוּנְד עֶר וָואהְרְזָאגְט מִיט אִיהְם, עֶס אִיז שְׁלֶעכְט וָואס אִיהְר הָאט גֶעטְהוּן: 6 אוּנְד עֶר הָאט זֵייא דֶערגְרֵייכְט, אוּנְד עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶערֶעט דִיזֶע וֶוערְטֶער: 7 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, פַארְוָואס זָאל מֵיין הַאר רֶעדֶען דִיזֶע וֶוערְטֶער, עֶס זָאל זֵיין פֶערְמִיטֶען פוּן דֵיינֶע קְנֶעכְט אַזַא זַאךְ צוּ טְהוּן: 8 זֶעה, דָאס גֶעלְד וָואס מִיר הָאבֶּען גֶעפוּנֶען אִין דֶעם מוֹיל פוּן אוּנְזֶערֶע זֶעק הָאבֶּען מִיר צוּרִיקְגֶעבְּרַאכְט צוּ דִיר פוּן דֶעם לַאנְד כְּנַעַן, אוּנְד ווִיא אַזוֹי זָאלֶען מִיר גַנְבֶענֶען גָאלְד, אָדֶער זִילְבֶּער פוּן דֶעם הוֹיז פוּן דֵיין הַאר: 9 בֵּייא וֶועמֶען עֶס וֶועט גֶעפוּנֶען וֶוערֶען פוּן דֵיינֶע קְנֶעכְט דֶער זָאל שְׁטַארְבֶּען, אוּנְד מִיר זָאלֶען זֵיין צוּ מֵיין הַאר צוּ קְנֶעכְט: 10 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, עֶס זָאל אוֹיךְ אַצוּנְד זֵיין גְלֵייךְ אַזוֹי ווִיא אֵיירֶע וֶוערְטֶער, בֵּייא וֶועמֶען עֶס וֶועט גֶעפוּנֶען וֶוערֶען דֶער זָאל זֵיין אַ קְנֶעכְט צוּ מִיר, אוּנְד אִיהְר זָאלְט זֵיין רֵיין: 11 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זִיךְ גֶעאֵיילְט, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אַרָאפּ גֶעלֵייגְט אִיטְ־לִיכֶער זֵיין זַאק צוּ דֶער עֶרְד, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אוֹיפְגֶעמַאכְט אִיטְלִיכֶער זֵיין זַאק: 12 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזוּכְט, בֵּייא דֶעם גְרֶעסְטֶען הָאט עֶר אָנְגֶעהוֹיבֶּען, אוּנְד בֵּייא דֶעם קְלֶענְסְטֶען הָאט עֶר אוֹיסְגֶעלָאזְט, אוּנְד דֶער בֶּעכֶער אִיז גֶעפוּנֶען גֶעוָוארֶען אִין דֶעם זַאק פוּן בִּנְיָמִין: 13 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען צוּרִיסֶען זֵיירֶע קְלֵיידֶער, אוּנְד אִיטְלִיכֶער הָאט אָנְגֶעלָאדֶען זֵיין אֵייזֶעל, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זִיךְ צוּרִיקְגֶעקֶערְט אִין דֶער שְׁטָאט:

אוּנד

וַיָּבֹא יְהוּדָה וְאֶחָיו בֵּיתָה יוֹסֵף וְהוּא עוֹדֶנּוּ שָׁם וַיִּפְּלוּ 14
לְפָנָיו אָרְצָה: וַיֹּאמֶר לָהֶם יוֹסֵף מָה־הַמַּעֲשֶׂה הַזֶּה אֲשֶׁר טו
עֲשִׂיתֶם הֲלוֹא יְדַעְתֶּם כִּי־נַחֵשׁ יְנַחֵשׁ אִישׁ אֲשֶׁר כָּמֹנִי:
וַיֹּאמֶר יְהוּדָה מַה־נֹּאמַר לַאדֹנִי מַה־נְּדַבֵּר וּמַה־נִּצְטַדָּק 16
הָאֱלֹהִים מָצָא אֶת־עֲוֹן עֲבָדֶיךָ הִנֶּנּוּ עֲבָדִים לַאדֹנִי גַּם־
אֲנַחְנוּ גַּם אֲשֶׁר־נִמְצָא הַגָּבִיעַ בְּיָדוֹ: וַיֹּאמֶר חָלִילָה לִּי 17
מֵעֲשׂוֹת זֹאת הָאִישׁ אֲשֶׁר נִמְצָא הַגָּבִיעַ בְּיָדוֹ הוּא יִהְיֶה־לִּי
עָבֶד וְאַתֶּם עֲלוּ לְשָׁלוֹם אֶל־אֲבִיכֶם:

ס ס ס יא

וַיִּגַּשׁ אֵלָיו יְהוּדָה וַיֹּאמֶר בִּי אֲדֹנִי יְדַבֶּר־נָא עַבְדְּךָ דָבָר 18
בְּאָזְנֵי אֲדֹנִי וְאַל־יִחַר אַפְּךָ בְּעַבְדֶּךָ כִּי כָמוֹךָ כְּפַרְעֹה:
אֲדֹנִי שָׁאַל אֶת־עֲבָדָיו לֵאמֹר הֲיֵשׁ־לָכֶם אָב אוֹ־אָח: 19
וַנֹּאמֶר אֶל־אֲדֹנִי יֶשׁ־לָנוּ אָב זָקֵן וְיֶלֶד זְקֻנִים קָטָן וְאָחִיו כ
מֵת וַיִּוָּתֵר הוּא לְבַדּוֹ לְאִמּוֹ וְאָבִיו אֲהֵבוֹ: וַתֹּאמֶר אֶל־ 21
עֲבָדֶיךָ הוֹרִדֻהוּ אֵלָי וְאָשִׂימָה עֵינִי עָלָיו: וַנֹּאמֶר אֶל־ 22
אֲדֹנִי לֹא־יוּכַל הַנַּעַר לַעֲזֹב אֶת־אָבִיו וְעָזַב אֶת־אָבִיו וָמֵת:
וַתֹּאמֶר אֶל־עֲבָדֶיךָ אִם־לֹא יֵרֵד אֲחִיכֶם הַקָּטֹן אִתְּכֶם לֹא 23
תֹסִפוּן לִרְאוֹת פָּנָי: וַיְהִי כִּי עָלִינוּ אֶל־עַבְדְּךָ אָבִי וַנַּגֶּד־ 24
לוֹ אֵת דִּבְרֵי אֲדֹנִי: וַיֹּאמֶר אָבִינוּ שֻׁבוּ שִׁבְרוּ־לָנוּ מְעַט־ כה
אֹכֶל: וַנֹּאמֶר לֹא נוּכַל לָרֶדֶת אִם־יֵשׁ אָחִינוּ הַקָּטֹן אִתָּנוּ 26
וְיָרַדְנוּ כִּי־לֹא נוּכַל לִרְאוֹת פְּנֵי הָאִישׁ וְאָחִינוּ הַקָּטֹן
אֵינֶנּוּ אִתָּנוּ: וַיֹּאמֶר עַבְדְּךָ אָבִי אֵלֵינוּ אַתֶּם יְדַעְתֶּם כִּי 27
שְׁנַיִם יָלְדָה־לִּי אִשְׁתִּי: וַיֵּצֵא הָאֶחָד מֵאִתִּי וָאֹמַר אַךְ 28
טָרֹף טֹרָף וְלֹא רְאִיתִיו עַד־הֵנָּה: וּלְקַחְתֶּם גַּם־אֶת־זֶה 29
מֵעִם פָּנַי וְקָרָהוּ אָסוֹן וְהוֹרַדְתֶּם אֶת־שֵׂיבָתִי בְּרָעָה
שְׁאֹלָה: וְעַתָּה כְּבֹאִי אֶל־עַבְדְּךָ אָבִי וְהַנַּעַר אֵינֶנּוּ אִתָּנוּ ל
וְנַפְשׁוֹ קְשׁוּרָה בְנַפְשׁוֹ: וְהָיָה כִּרְאוֹתוֹ כִּי־אֵין הַנַּעַר וָמֵת 31

14 אונד יהודה איז געקומען אונד זיינע ברידער אין יוסף'ס הויז, אונד ער איז נאך דארט געוועזען, אונד זייא זענען פאר איהם אויף דער ערד געפאלען: 15 אונד יוסף האט צו זייא געזאגט, וואס איז דאס דאזיגע ווערק וואס איהר האט געטהון, האט איהר ניט געוואוסט אז א מאן וויא איך קען געוויס וואהרזאגען? 16 אונד יהודה האט געזאגט, וואס זאלען מיר זאגען צו מיין הער? וואס זאלען מיר רעדען? אונד מיט וואס זאלען מיר זיך רעכטפארטיגען? גאט האט אויסגע־פונען דיא זינד פון דיינע קנעכט, זעה, מיר זענען קנעכט צו מיינעם הער, מיר אונד אויך דער וואס דער בעכער איז געפונען געווארען אין זיינע האנד: 17 אונד ער האט געזאגט, עס זייא פערמיטען פון מיר דאס צו טהון, דער מאן וואס דער בעכער איז אין זיינע האנד געפונען געווארען, דער זאל זיין צו מיר א קנעכט, אונד איהר גייט ארויף בשלום צו אייער פאטער:

ויגש

18 אונד יהודה האט זיך צו איהם גע־נעהנט אונד ער האט געזאגט, איך בעט מיין הער, לאז דיין קנעכט רעדען א ווארט אין דיא אויערען פון מיין הער, אונד לאז דיין צארן ניט דערגרימען איבער דיין קנעכט, ווארין דוא ביסט גלייך אזוי וויא פרעה: 19 מיין הער האט געפרעגט זיינע קנעכט אזוי צו זאגען, האט איהר א פאטער אדער א ברודער? 20 אונד מיר האבען געזאגט צו מיין הער, מיר האבען איין אלטען פאטער, אונד א קליין קינד געבוירען אין זיינע עלטער, אונד זיין ברודער איז געשטארבען, אונד ער איז אליין איבערגעבליבען פון זיינע מוטער, אונד זיין פאטער האט איהם ליעב: 21 אונד דוא האסט געזאגט צו דיינע קנעכט, ברענגט איהם ארופ צו מיר אונד איך וועל איהם אנקוקען: 22 אונד מיר האבען געזאגט צו מיין הער, דער יונג קען ניט פערלאזען זיין פאטער, ווארין ווען ער וועט פערלאזען זיין פאטער אזוי וועט ער שטארבען: 23 אונד דוא האסט געזאגט צו דיינע קנעכט, ווען אייער קלענסטער ברודער וועט ניט מיט אייך אראפקומען זאלט איהר ניט מעהר זעהען מיין פנים: 24 אונד עס איז געוועזען ווען מיר זענען ארויפגעגאנגען צו דיין קנעכט מיין פאטער, אזוי האבען מיר איהם דערציילט דיא ווערטער פון מיין הער: 25 אונד אונזער פאטער האט געזאגט, קעהרט צוריק אונד קויפט אונס א ביסעל שפייז: 26 אבער מיר האבען געזאגט, מיר קענען ניט אראפגיין. ווען אונזער קלענסטער ברודער איז מיט אונס אזוי וועלען מיר אראפגיין ווארין מיר קענען ניט זעהען דאס פנים פון דעם מאן ווען אונזער קלענסטער ברודער איז ניט מיט אונס: 27 אונד דיין קנעכט מיין פאטער האט צו אונס געזאגט, איהר ווייסט אז מיין ווייב האט מיר צוויא געוואונען: 28 אונד דער איינער איז ארויסגעגאנגען פון מיר אונד איך האב געזאגט באמת ער איז פערצוקט געווארען, אונד איך האב איהם ניט געזעהען ביז אצונד: 29 אונד איהר ווילט אויך דעם פון מיר נעמען, אונד איין אומגליק קען איהם טרעפען אזוי וועט איהר אראפנידערען מיינע עלטער מיט שלעכטיגקייט אין דיא גרוב: 30 אונד אצונד, ווען איך זאל קומען צו מיין פאטער, דיין קנעכט, אונד דער יונג איז ניט מיט אונס, — ווארין זיינע נשמה איז פערבונדען אין זיינע נשמה: 31 אונד עס וועט זיין ווען ער וועט זעהען אז דער יונג איז ניט דא אזוי וועט ער שטארבען,

וְהוֹרִידוּ עֲבָדֶיךָ אֶת־שֵׂיבַת עַבְדְּךָ אָבִינוּ בְּיָגוֹן שְׁאֹלָה׃
32 כִּי עַבְדְּךָ עָרַב אֶת־הַנַּעַר מֵעִם אָבִי לֵאמֹר אִם־לֹא אֲבִיאֶנּוּ
33 אֵלֶיךָ וְחָטָאתִי לְאָבִי כָּל־הַיָּמִים׃ וְעַתָּה יֵשֶׁב־נָא עַבְדְּךָ
34 תַּחַת הַנַּעַר עֶבֶד לַאדֹנִי וְהַנַּעַר יַעַל עִם־אֶחָיו׃ כִּי־אֵיךְ
אֶעֱלֶה אֶל־אָבִי וְהַנַּעַר אֵינֶנּוּ אִתִּי פֶּן אֶרְאֶה בָרָע אֲשֶׁר
יִמְצָא אֶת־אָבִי׃

מה

א וְלֹא־יָכֹל יוֹסֵף לְהִתְאַפֵּק לְכֹל הַנִּצָּבִים עָלָיו וַיִּקְרָא
הוֹצִיאוּ כָל־אִישׁ מֵעָלָי וְלֹא־עָמַד אִישׁ אִתּוֹ בְּהִתְוַדַּע יוֹסֵף
2 אֶל־אֶחָיו׃ וַיִּתֵּן אֶת־קֹלוֹ בִּבְכִי וַיִּשְׁמְעוּ מִצְרַיִם וַיִּשְׁמַע
3 בֵּית פַּרְעֹה׃ וַיֹּאמֶר יוֹסֵף אֶל־אֶחָיו אֲנִי יוֹסֵף הַעוֹד אָבִי
4 חָי וְלֹא־יָכְלוּ אֶחָיו לַעֲנוֹת אֹתוֹ כִּי נִבְהֲלוּ מִפָּנָיו׃ וַיֹּאמֶר
יוֹסֵף אֶל־אֶחָיו גְּשׁוּ־נָא אֵלַי וַיִּגָּשׁוּ וַיֹּאמֶר אֲנִי יוֹסֵף אֲחִיכֶם
ה אֲשֶׁר־מְכַרְתֶּם אֹתִי מִצְרָיְמָה׃ וְעַתָּה ׀ אַל־תֵּעָצְבוּ וְאַל־
יִחַר בְּעֵינֵיכֶם כִּי־מְכַרְתֶּם אֹתִי הֵנָּה כִּי לְמִחְיָה שְׁלָחַנִי
6 אֱלֹהִים לִפְנֵיכֶם׃ כִּי־זֶה שְׁנָתַיִם הָרָעָב בְּקֶרֶב הָאָרֶץ
7 וְעוֹד חָמֵשׁ שָׁנִים אֲשֶׁר אֵין־חָרִישׁ וְקָצִיר׃ וַיִּשְׁלָחֵנִי
אֱלֹהִים לִפְנֵיכֶם לָשׂוּם לָכֶם שְׁאֵרִית בָּאָרֶץ וּלְהַחֲיוֹת לָכֶם
8 לִפְלֵיטָה גְּדֹלָה׃ וְעַתָּה לֹא־אַתֶּם שְׁלַחְתֶּם אֹתִי הֵנָּה כִּי
הָאֱלֹהִים וַיְשִׂימֵנִי לְאָב לְפַרְעֹה וּלְאָדוֹן לְכָל־בֵּיתוֹ וּמֹשֵׁל
9 בְּכָל־אֶרֶץ מִצְרָיִם׃ מַהֲרוּ וַעֲלוּ אֶל־אָבִי וַאֲמַרְתֶּם אֵלָיו
כֹּה אָמַר בִּנְךָ יוֹסֵף שָׂמַנִי אֱלֹהִים לְאָדוֹן לְכָל־מִצְרָיִם
י רְדָה אֵלַי אַל־תַּעֲמֹד׃ וְיָשַׁבְתָּ בְאֶרֶץ־גֹּשֶׁן וְהָיִיתָ קָרוֹב
אֵלַי אַתָּה וּבָנֶיךָ וּבְנֵי בָנֶיךָ וְצֹאנְךָ וּבְקָרְךָ וְכָל־אֲשֶׁר־לָךְ׃
11 וְכִלְכַּלְתִּי אֹתְךָ שָׁם כִּי־עוֹד חָמֵשׁ שָׁנִים רָעָב פֶּן־תִּוָּרֵשׁ
12 אַתָּה וּבֵיתְךָ וְכָל־אֲשֶׁר־לָךְ׃ וְהִנֵּה עֵינֵיכֶם רֹאוֹת וְעֵינֵי
13 אָחִי בִנְיָמִין כִּי־פִי הַמְדַבֵּר אֲלֵיכֶם׃ וְהִגַּדְתֶּם לְאָבִי
אֶת־כָּל־כְּבוֹדִי בְּמִצְרַיִם וְאֵת כָּל־אֲשֶׁר רְאִיתֶם וּמִהַרְתֶּם

אוּנְד דַיינֶע קְנֶעכְט וֶועלֶען אַרָאפְּנִידֶערֶען דִיא עֶלְטֶער פוּן אוּנְזֶער פָּאטֶער, דַיין קְנֶעכְט, מִיט טְרוֹירִיגְקֵייט אִין דִיא גְרוּבּ׃ 32 וָוארִין דַיין קְנֶעכְט אִיז אֵיין עָרֵב פַאר דֶעם יוּנְג בֵּייא מֵיין פָּאטֶער, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, וֶוען אִיךְ וֶועל אִיהְם נִיט צוּ דִיר בְּרֶענְגֶען אַזוֹי הָאבּ אִיךְ גֶעזִינְדִיגְט קֶעגֶען מֵיין פָּאטֶער אַלֶע דִיא טֶעג׃ 33 אוּנְד אַצוּנְד בֶּעט אִיךְ דִיךְ, לָאז דַיין קְנֶעכְט בְּלֵייבֶּען אָנְשְׁטָאט דֶעם יוּנְג אַלְס קְנֶעכְט צוּ מֵיין הַאר, אוּנְד לָאז דֶער יוּנְג אַרוֹיפְגֵיין מִיט זַיינֶע בְּרִידֶער׃ 34 וָוארִין וִויא אַזוֹי זָאל אִיךְ אַרוֹיפְגֵיין צוּ מֵיין פָּאטֶער, אוּנְד דֶער יוּנְג אִיז נִיט מִיט מִיר? טָאמֶער וֶועל אִיךְ זֶעהֶען דָאס אוּמְגְלִיק וָואס וֶועט מֵיין פָּאטֶער טְרֶעפֶען׃

קאפיטעל מה

1 אוּנְד יוֹסֵף הָאט זִיךְ נִיט גֶעקֶענְט אֵיינְהַאלְטֶען פַאר אַלֶע דִיא וָואס זֶענֶען בֵּייא אִיהְם גֶעשְׁטַאנֶען, אוּנְד עֶר הָאט גֶערוּפֶען, לָאז אִיטְלִיכֶער מַאן אַרוֹיסגֵיין פוּן מִיר, אוּנְד עֶס אִיז קֵיין מַאן שְׁטֶעהֶן גֶעבְּלִיבֶּען מִיט אִיהְם וֶוען יוֹסֵף הָאט זִיךְ דֶערְקֶענְט צוּ זַיינֶע בְּרִידֶער׃ 2 אוּנְד עֶר הָאט אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען זַיין קוֹל מִיט וַויינֶען. אוּנְד דִיא מִצְרִים הָאבֶּען עֶס גֶעהֶערְט אוּנְד דָאס הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן פַּרְעֹה הָאט עֶס גֶעהֶערְט׃ 3 אוּנְד יוֹסֵף הָאט גֶעזָאגְט צוּ זַיינֶע בְּרִידֶער, אִיךְ בִּין יוֹסֵף. לֶעבְּט נָאךְ מֵיין פָּאטֶער? אוּנְד זַיינֶע בְּרִידֶער הָאבֶּען אִיהְם נִיט גֶעקָאנְט עֶנְטְפֶערֶען, וָוארִין זֵייא הָאבֶּען זִיךְ דֶערשְׁרָאקֶען פַאר אִיהְם׃ 4 אוּנְד יוֹסֵף הָאט גֶעזָאגְט צוּ זַיינֶע בְּרִידֶער, גֶענֶעהְנְט צוּ מִיר, אִיךְ בֶּעט אֵייךְ, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זִיךְ גֶענֶעהְנְט, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ בִּין יוֹסֵף אֵייעֶר בְּרוּדֶער, וָואס אִיהְר הָאט מִיךְ פֶערְקוֹיפְט קֵיין מִצְרַיִם׃ 5 אוּנְד אַצוּנְד זַייט נִיט טְרוֹירִיג אוּנְד לָאז עֶס נִיט אִין אֵיירֶע אוֹיגֶען פֶערְדְרִיסֶען וַוייל אִיהְר הָאט מִיךְ דָא אַהֶער פֶערְקוֹיפְט, וָוארִין גָאט הָאט מִיךְ גֶעשִׁיקְט אֵייךְ אַם לֶעבֶּען צוּ דֶערְהַאלְטֶען׃ 6 וָוארִין עֶס אִיז שׁוֹין צְוֵוייא יָאהְר פוּן דֶעם הוּנְגֶער אִין דֶעם לַאנְד, אוּנְד עֶס זֶענֶען נָאךְ פִינְף יָאהְר אַז עֶס וֶועט נִיט זַיין קֵיין אַקֶער אוּנְד קֵיין שְׁנִיט׃ 7 אוּנְד גָאט הָאט מִיךְ גֶעשִׁיקְט פַאר אֵייךְ, צוּ מַאכֶען צוּ אֵייךְ אֵיין אִיבֶּערבְּלֵייבּוּנְג אִין דֶעם לַאנְד, אוּנְד אֵייךְ צוּ דֶערְנֶערֶען צוּ אַ גְרוֹיסֶע אַנְטְרִינוּנְג׃ 8 אוּנְד אַצוּנְד, אִיהְר הָאט מִיךְ נִיט אַהֶערגֶעשִׁיקְט, נַייעֶרְט גָאט. אוּנְד עֶר הָאט מִיךְ גֶעמַאכְט צוּ אַ פָּאטֶער צוּ פַּרְעֹה, אוּנְד צוּ אַ הַאר אִיבֶּער זַיין גַאנְץ הוֹיז, אוּנְד אַ גֶעוֶועלְטִיגֶער אִיבֶּער דֶעם גַאנְצֶען לַאנְד פוּן מִצְרָיִם׃ 9 אֵיילְט אֵייךְ אוּנְד גֵייט אַרוֹיף צוּ מֵיין פָּאטֶער, אוּנְד אִיהְר זָאלְט צוּ אִיהְם זָאגֶען, אַזוֹי הָאט גֶעזָאגְט דַיין זוּהְן יוֹסֵף, גָאט הָאט מִיךְ גֶעמַאכְט צוּ אַ הַאר אִיבֶּער גַאנְץ מִצְרָיִם, קוּם אַרָאפּ צוּ מִיר, דוּא זָאלְסְט דִיךְ נִיט זוֹימֶען׃ 10 אוּנְד דוּא זָאלְסְט דִיךְ בֶּעזֶעצֶען אִין דֶעם לַאנְד גֹשֶׁן אוּנְד דוּא זָאלְסְט צוּ מִיר נָאהֶענְט זַיין, דוּא אוּנְד דַיינֶע קִינְדֶער אוּנְד דַיינֶע קִינְדְס־קִינְדֶער, אוּנְד דַיינֶע שָׁאף אוּנְד דַיינֶע רִינְדֶער אוּנְד אַלֶעס וָואס דוּא הָאסְט׃ 11 אוּנְד אִיךְ וֶועל דִיךְ דָארְט שְׁפֵּייזֶען, וָוארִין עֶס זֶענֶען נָאךְ פִינְף יָאהְר פוּן דֶעם הוּנְגֶער, טָאמֶער וֶועט אִיהְר פֶערְאָרֶעמְט וֶוערֶען, דוּא אוּנְד דַיין הוֹיז אוּנְד אַלֶעס וָואס דוּא הָאסְט׃ 12 אוּנְד נוּן, אֵיירֶע אוֹיגֶען זֶעהֶען, אוּנְד דִיא אוֹיגֶען פוּן מֵיין בְּרוּדֶער בִּנְיָמִין, דָאס מֵיין מוֹיל רֶעט מִיט אֵייךְ׃ 13 אוּנְד אִיהְר זָאלְט דֶערְצֵיילֶען צוּ מֵיין פָּאטֶער אַלֶע מֵיינֶע הֶערְלִיכְקֵייט אִין מִצְרַיִם, אוּנְד אַלֶעס וָואס אִיהְר הָאט גֶעזֶעהֶען, אוּנְד אֵיילְט אֵייךְ,

אוּנְד

וְהוֹרַדְתֶּם אֶת־אָבִי הֵנָּה׃ וַיִּפֹּל עַל־צַוְּארֵי בִנְיָמִן־אָחִיו וַיֵּבְךְּ 14
וּבִנְיָמִן בָּכָה עַל־צַוָּארָיו׃ וַיְנַשֵּׁק לְכָל־אֶחָיו וַיֵּבְךְּ עֲלֵהֶם טו
וְאַחֲרֵי כֵן דִּבְּרוּ אֶחָיו אִתּוֹ׃ וְהַקֹּל נִשְׁמַע בֵּית פַּרְעֹה 16
לֵאמֹר בָּאוּ אֲחֵי יוֹסֵף וַיִּיטַב בְּעֵינֵי פַרְעֹה וּבְעֵינֵי עֲבָדָיו׃
וַיֹּאמֶר פַּרְעֹה אֶל־יוֹסֵף אֱמֹר אֶל־אַחֶיךָ זֹאת עֲשׂוּ טַעֲנוּ 17
אֶת־בְּעִירְכֶם וּלְכוּ־בֹאוּ אַרְצָה כְּנָעַן׃ וּקְחוּ אֶת־אֲבִיכֶם 18
וְאֶת־בָּתֵּיכֶם וּבֹאוּ אֵלָי וְאֶתְּנָה לָכֶם אֶת־טוּב אֶרֶץ מִצְרַיִם
וְאִכְלוּ אֶת־חֵלֶב הָאָרֶץ׃ וְאַתָּה צֻוֵּיתָה זֹאת עֲשׂוּ קְחוּ־ 19
לָכֶם מֵאֶרֶץ מִצְרַיִם עֲגָלוֹת לְטַפְּכֶם וְלִנְשֵׁיכֶם וּנְשָׂאתֶם
אֶת־אֲבִיכֶם וּבָאתֶם׃ וְעֵינְכֶם אַל־תָּחֹס עַל־כְּלֵיכֶם כִּי־ כ
טוּב כָּל־אֶרֶץ מִצְרַיִם לָכֶם הוּא׃ וַיַּעֲשׂוּ־כֵן בְּנֵי יִשְׂרָאֵל 21
וַיִּתֵּן לָהֶם יוֹסֵף עֲגָלוֹת עַל־פִּי פַרְעֹה וַיִּתֵּן לָהֶם צֵדָה
לַדָּרֶךְ׃ לְכֻלָּם נָתַן לָאִישׁ חֲלִפוֹת שְׂמָלֹת וּלְבִנְיָמִן נָתַן 22
שְׁלֹשׁ־מֵאוֹת כֶּסֶף וְחָמֵשׁ חֲלִפֹת שְׂמָלֹת׃ וּלְאָבִיו שָׁלַח 23
כְּזֹאת עֲשָׂרָה חֲמֹרִים נֹשְׂאִים מִטּוּב מִצְרָיִם וְעֶשֶׂר אֲתֹנֹת
נֹשְׂאֹת בָּר וָלֶחֶם וּמָזוֹן לְאָבִיו לַדָּרֶךְ׃ וַיְשַׁלַּח אֶת־אֶחָיו 24
וַיֵּלֵכוּ וַיֹּאמֶר אֲלֵהֶם אַל־תִּרְגְּזוּ בַּדָּרֶךְ׃ וַיַּעֲלוּ מִמִּצְרָיִם כה
וַיָּבֹאוּ אֶרֶץ כְּנַעַן אֶל־יַעֲקֹב אֲבִיהֶם׃ וַיַּגִּדוּ לוֹ לֵאמֹר עוֹד 26
יוֹסֵף חַי וְכִי־הוּא מֹשֵׁל בְּכָל־אֶרֶץ מִצְרָיִם וַיָּפָג לִבּוֹ כִּי לֹא־
הֶאֱמִין לָהֶם׃ וַיְדַבְּרוּ אֵלָיו אֵת כָּל־דִּבְרֵי יוֹסֵף אֲשֶׁר דִּבֶּר 27
אֲלֵהֶם וַיַּרְא אֶת־הָעֲגָלוֹת אֲשֶׁר־שָׁלַח יוֹסֵף לָשֵׂאת אֹתוֹ
וַתְּחִי רוּחַ יַעֲקֹב אֲבִיהֶם׃ וַיֹּאמֶר יִשְׂרָאֵל רַב עוֹד־יוֹסֵף 28
בְּנִי חָי אֵלְכָה וְאֶרְאֶנּוּ בְּטֶרֶם אָמוּת׃

## מו

וַיִּסַּע יִשְׂרָאֵל וְכָל־אֲשֶׁר־לוֹ וַיָּבֹא בְּאֵרָה שָּׁבַע וַיִּזְבַּח זְבָחִים א
לֵאלֹהֵי אָבִיו יִצְחָק׃ וַיֹּאמֶר אֱלֹהִים ׀ לְיִשְׂרָאֵל בְּמַרְאֹת 2
הַלַּיְלָה וַיֹּאמֶר יַעֲקֹב ׀ יַעֲקֹב וַיֹּאמֶר הִנֵּנִי׃ וַיֹּאמֶר אָנֹכִי 3

אוּנְד בְּרֶענְגְט אַרָאפּ מֵיין פָּאטֶער דָא אַהֶער: 14 אוּנְד עֶר אִיז גֶעפַאלֶען אוֹיף דֶעם הַאלְז פוּן בִּנְיָמִין זֵיין בְּרוּדֶער, אוּנְד עֶר הָאט גֶעוֵויינְט, אוּנְד בִּנְיָמִין הָאט גֶע־וֵויינְט אוֹיף זֵיין הַאלְז: 15 אוּנְד עֶר הָאט גֶעקוּשְׁט אַלֶע זֵיינֶע בְּרִידֶער, אוּנְד עֶר הָאט גֶעוֵויינְט אוֹיף זֵייא, אוּנְד דֶערְנָאךְ הָאבֶּען זֵיינֶע בְּרִידֶער מִיט אִיהְם גֶערֶעט: 16 אוּנְד דָאס קוֹל אִיז גֶעהֶערְט גֶעוָוארֶען אִין דֶעם הוֹיז פוּן פַּרְעֹה, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, דִיא בְּרִידֶער פוּן יוֹסֵף זֶענֶען גֶעקוּמֶען, אוּנְד עֶס אִיז גוּט גֶעוֶועזֶען אִין דִיא אוֹיגֶען פוּן פַּרְעֹה אוּנְד אִין דִיא אוֹיגֶען פוּן זֵיינֶע קְנֶעכְט: 17 אוּנְד פַּרְעֹה הָאט גֶעזָאגְט צוּ יוֹסֵף, זָאג צוּ דֵיינֶע בְּרִידֶער, טְהוּט דִיזֶעס, לָאדֶעט אָן אֵייעֶר פִיךְ אוּנְד גֵייט קוּמְט צוּ דֶעם לַאנְד כְּנָעַן: 18 אוּנְד נֶעמְט אֵייעֶר פָּאטֶער אוּנְד אֵייעֶר הוֹיזְגֶעזִינְד אוּנְד קוּמְט צוּ מִיר, אוּנְד אִיךְ ווֶעל צוּ אֵייךְ גֶעבֶּען דָאס בֶּעסְטֶע פוּן דֶעם לַאנְד מִצְרַיִם, אוּנְד אִיהְר זָאלְט עֶסֶען פוּן דִיא פֶעטִיגְקֵייט פוּן דֶעם לַאנְד: 19 אוּנְד דוּא בִּיסְט גֶעבָּאטֶען גֶעוָוארֶען טְהוּט דִיזֶעס, נֶעמְט צוּ אֵייךְ פוּן דֶעם לַאנְד מִצְרַיִם ווֶעגֶען פַאר אֵייעֶרֶע קִינְדֶער אוּנְד פַאר אֵייעֶרֶע ווֵייבֶּער, אוּנְד אִיהְר זָאלְט בְּרֶענְגֶען אֵייעֶר פָּאטֶער אוּנְד אִיהְר זָאלְט קוּמֶען: 20 אוּנְד אֵייעֶרֶע אוֹיגֶען זָאלֶען נִיט שׁוֹינֶען אֵייעֶרֶע כֵּלִים, ווָארִין דָאס בֶּעסְטֶע פוּן דֶעם גַאנְצֶען לַאנְד מִצְרַיִם אִיז פַאר אֵייךְ: 21 אוּנְד דִיא זִיהְן פוּן יִשְׂרָאֵל הָאבֶּען אַזוֹי גֶעטְהוּן, אוּנְד יוֹסֵף הָאט גֶעגֶעבֶּען צוּ זֵייא ווֶעגֶען נָאךְ דֶעם בֶּעפֶעהְל פוּן פַּרְעֹה, אוּנְד עֶר הָאט גֶעגֶעבֶּען צוּ זֵייא נַאהְרוּנְג אוֹיף דֶעם ווֶעג: 22 צוּ אַלֶע הָאט עֶר גֶעגֶעבֶּען, צוּ אִיטְלִיכֶען מַאן אַ פֶערְוֶועקְסְלוּנְג פוּן קְלֵיידֶער, אָבֶּער צוּ בִּנְיָמִין הָאט עֶר גֶעגֶעבֶּען דְרֵייא הוּנְדֶערְט שְׁטִיק זִילְבֶּער, אוּנְד פִינְף פֶערְוֶועקְסְלוּנְג פוּן קְלֵיידֶער: 23 אוּנְד צוּ זֵיין פָּאטֶער הָאט עֶר אַזוֹי גֶעשִׁיקְט צֶעהְן אֵייזֶעל ווָאס הָאבֶּען גֶעטְרָאגֶען פוּן דֶעם בֶּעסְטֶען פוּן מִצְרַיִם, אוּנְד צֶעהְן אֵייזֶעלִינֶען ווָאס הָאבֶּען גֶעטְרָאגֶען קָארְן, אוּנְד בְּרוֹיט, אוּנְד שְׁפֵּייז פַאר זֵיין פָּאטֶער אוֹיף דֶעם ווֶעג: 24 אוּנְד עֶר הָאט אַוֶועקְגֶעשִׁיקְט זֵיינֶע בְּרִידֶער אוּנְד זֵייא זֶענֶען גֶעגַאנְגֶען, אוּנְד עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, אִיהְר זָאלְט נִיט צָארְנֶען אוֹיף דֶעם ווֶעג: 25 אוּנְד זֵייא זֶענֶען אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען פוּן מִצְרָיִם, אוּנְד זֵייא זֶענֶען גֶעקוּמֶען צוּ דֶעם לַאנְד כְּנָעַן, צוּ יַעֲקֹב זֵייעֶר פָּאטֶער: 26 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען צוּ אִיהְם דֶערְצֵיילְט אַזוֹי צוּ זָאגֶען, יוֹסֵף לֶעבְּט נָאךְ! אוּנְד דָאס עֶר אִיז אַ גֶעוָועלְטִיגֶער אִיבֶּער דֶעם גַאנְ־צֶען לַאנְד מִצְרָיִם. אוּנְד זֵיין הַארְץ אִיז פֶערְגַאנְגֶען, ווָארִין עֶר הָאט זֵייא נִיט גֶעגְלוֹיבְּט: 27 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶערֶעט אַלֶע דִיזֶע ווֶערְטֶער פוּן יוֹסֵף ווָאס עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶערֶעט, אוּנְד ווֶען עֶר הָאט גֶעזֶעהֶען דִיא ווֶעגֶען ווָאס יוֹסֵף הָאט גֶעשִׁיקְט אִיהְם צוּ בְּרֶענְגֶען, אַזוֹי אִיז דֶערְקְווִיקְט גֶעוָוארֶען דֶער גֵייסְט פוּן זֵייעֶר פָּאטֶער יַעֲקֹב: 28 אוּנְד יִשְׂרָאֵל הָאט גֶעזָאגְט, עֶס אִיז גֶענוּג, מֵיין זוּהְן יוֹסֵף לֶעבְּט נָאךְ, אִיךְ ווֶעל גֵיין אוּנְד אִיךְ ווֶעל אִיהְם זֶעהֶען אֵיידֶער אִיךְ שְׁטַארְבּ:

קאפיטעל מו

1 אוּנְד יַעֲקֹב הָאט אַוֶועקְגֶעצוֹיגֶען אוּנְד אַלֶעס ווָאס עֶר הָאט גֶעהַאט, אוּנְד עֶר אִיז גֶעקוּמֶען קֵיין בְּאֵר שָׁבַע, אוּנְד עֶר הָאט מַקְרִיב גֶעוֶועזֶען שְׁלַאכְט־אָפְּפֶער צוּ דֶעם גָאט פוּן זֵיין פָּאטֶער יִצְחָק: 2 אוּנְד גָאט הָאט גֶעזָאגְט צוּ יִשְׂרָאֵל אִין דֶער עֶרְשֵׁיינוּנְג פוּן דֶער נַאכְט, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, יַעֲקֹב, יַעֲקֹב! אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, הִיער בִּין אִיךְ: 3 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ בִּין

הָאֵל אֱלֹהֵי אָבִיךָ אַל־תִּירָא מֵרְדָה מִצְרַיְמָה כִּי־לְגוֹי גָּדוֹל
4 אֲשִׂימְךָ שָׁם׃ אָנֹכִי אֵרֵד עִמְּךָ מִצְרַיְמָה וְאָנֹכִי אַעַלְךָ
ה גַם־עָלֹה וְיוֹסֵף יָשִׁית יָדוֹ עַל־עֵינֶיךָ׃ וַיָּקָם יַעֲקֹב מִבְּאֵר
שָׁבַע וַיִּשְׂאוּ בְנֵי־יִשְׂרָאֵל אֶת־יַעֲקֹב אֲבִיהֶם וְאֶת־טַפָּם
וְאֶת־נְשֵׁיהֶם בָּעֲגָלוֹת אֲשֶׁר־שָׁלַח פַּרְעֹה לָשֵׂאת אֹתוֹ׃
6 וַיִּקְחוּ אֶת־מִקְנֵיהֶם וְאֶת־רְכוּשָׁם אֲשֶׁר רָכְשׁוּ בְּאֶרֶץ כְּנַעַן
7 וַיָּבֹאוּ מִצְרָיְמָה יַעֲקֹב וְכָל־זַרְעוֹ אִתּוֹ׃ בָּנָיו וּבְנֵי בָנָיו אִתּוֹ
בְּנֹתָיו וּבְנוֹת בָּנָיו וְכָל־זַרְעוֹ הֵבִיא אִתּוֹ מִצְרָיְמָה׃ ס
8 וְאֵלֶּה שְׁמוֹת בְּנֵי־יִשְׂרָאֵל הַבָּאִים מִצְרַיְמָה יַעֲקֹב וּבָנָיו
9 בְּכֹר יַעֲקֹב רְאוּבֵן׃ וּבְנֵי רְאוּבֵן חֲנוֹךְ וּפַלּוּא וְחֶצְרֹן וְכַרְמִי׃
י וּבְנֵי שִׁמְעוֹן יְמוּאֵל וְיָמִין וְאֹהַד וְיָכִין וְצֹחַר וְשָׁאוּל בֶּן־
11 12 הַכְּנַעֲנִית׃ וּבְנֵי לֵוִי גֵּרְשׁוֹן קְהָת וּמְרָרִי׃ וּבְנֵי יְהוּדָה עֵר
וְאוֹנָן וְשֵׁלָה וָפֶרֶץ וָזָרַח וַיָּמָת עֵר וְאוֹנָן בְּאֶרֶץ כְּנַעַן וַיִּהְיוּ בְנֵי־
13 פֶרֶץ חֶצְרֹן וְחָמוּל׃ וּבְנֵי יִשָּׂשכָר תּוֹלָע וּפֻוָּה וְיוֹב וְשִׁמְרֹן׃
14 טו וּבְנֵי זְבֻלוּן סֶרֶד וְאֵלוֹן וְיַחְלְאֵל׃ אֵלֶּה בְּנֵי לֵאָה אֲשֶׁר יָלְדָה
לְיַעֲקֹב בְּפַדַּן אֲרָם וְאֵת דִּינָה בִתּוֹ כָּל־נֶפֶשׁ בָּנָיו וּבְנוֹתָיו
16 שְׁלֹשִׁים וְשָׁלֹשׁ׃ וּבְנֵי גָד צִפְיוֹן וְחַגִּי שׁוּנִי וְאֶצְבֹּן עֵרִי
17 וַאֲרוֹדִי וְאַרְאֵלִי׃ וּבְנֵי אָשֵׁר יִמְנָה וְיִשְׁוָה וְיִשְׁוִי וּבְרִיעָה
18 וְשֶׂרַח אֲחֹתָם וּבְנֵי בְרִיעָה חֶבֶר וּמַלְכִּיאֵל׃ אֵלֶּה בְּנֵי זִלְפָּה
אֲשֶׁר־נָתַן לָבָן לְלֵאָה בִתּוֹ וַתֵּלֶד אֶת־אֵלֶּה לְיַעֲקֹב שֵׁשׁ
19 כ עֶשְׂרֵה נָפֶשׁ׃ בְּנֵי רָחֵל אֵשֶׁת יַעֲקֹב יוֹסֵף וּבִנְיָמִן׃ וַיִּוָּלֵד
לְיוֹסֵף בְּאֶרֶץ מִצְרַיִם אֲשֶׁר יָלְדָה־לּוֹ אָסְנַת בַּת־פּוֹטִי פֶרַע
21 כֹּהֵן אֹן אֶת־מְנַשֶּׁה וְאֶת־אֶפְרָיִם׃ וּבְנֵי בִנְיָמִן בֶּלַע וָבֶכֶר
22 וְאַשְׁבֵּל גֵּרָא וְנַעֲמָן אֵחִי וָרֹאשׁ מֻפִּים וְחֻפִּים וָאָרְדְּ׃ אֵלֶּה
בְּנֵי רָחֵל אֲשֶׁר יֻלַּד לְיַעֲקֹב כָּל־נֶפֶשׁ אַרְבָּעָה עָשָׂר׃
23 24 וּבְנֵי־דָן חֻשִׁים׃ וּבְנֵי נַפְתָּלִי יַחְצְאֵל וְגוּנִי וְיֵצֶר וְשִׁלֵּם׃
כה אֵלֶּה בְּנֵי בִלְהָה אֲשֶׁר־נָתַן לָבָן לְרָחֵל בִּתּוֹ וַתֵּלֶד אֶת־
26 אֵלֶּה לְיַעֲקֹב כָּל־נֶפֶשׁ שִׁבְעָה׃ כָּל־הַנֶּפֶשׁ הַבָּאָה לְיַעֲקֹב

גָאט, דֶער גָאט פוּן דֵיין פָאטֶער, פָארְכְט דִיךְ נִיט אַרָאפּ צוּ גֵיין קֵיין מִצְרַיִם, דֶען אִיךְ װֶעל דִיךְ דָארְט מַאכֶען צוּ אַ גְרוֹיס פָאלְק: 4 אִיךְ װֶעל מִיט דִיר אַרָאפְּגֵיין קֵיין מִצְרַיִם, אוּנְד אִיךְ װֶעל דִיךְ אוֹיךְ אַרוֹיפְבְּרֶענְגֶען, אוּנְד יוֹסֵף װֶעט לֵייגֶען זֵיינֶע הַאנְד אוֹיף דֵיינֶע אוֹיגֶען: 5 אוּנְד יַעֲקֹב אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען פוּן בְּאֵר שֶׁבַע, אוּנְד דִיא זִיהְן פוּן יַעֲקֹב הָאבֶּען גֶעפִיהְרְט יִשְׂרָאֵל זֵייעֶר פָאטֶער אוּנְד זֵייעֶרֶע קְלֵיינֶע קִינְדֶער אוּנְד זֵייעֶרֶע װֵייבֶּער, אִין דִיא װֶעגֶען װָאס פַּרְעֹה הָאט גֶעשִׁיקְט אִיהְם צוּ טְרָאגֶען: 6 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶענוּמֶען זֵייעֶר פִיךְ אוּנְד זֵייעֶר פַארְמֶעגֶען װָאס זֵייא הָאבֶּען דֶערְװָארְבֶּען אִין דֶעם לַאנְד כְּנַעַן, אוּנְד זֵייא זֶענֶען גֶעקוּמֶען קֵיין מִצְרַיִם, יַעֲקֹב אוּנְד אַלֶע זֵיינֶע קִינְדֶער מִיט אִיהְם: 7 זֵיינֶע זִיהְן, אוּנְד דִיא זִיהְן פוּן זֵיינֶע זִיהְן מִיט אִיהְם, זֵיינֶע טֶעכְטֶער אוּנְד דִיא טֶעכְטֶער פוּן זֵיינֶע זִיהְן, אוּנְד אַלֶע זֵיינֶע קִינְדֶער הָאט עֶר גֶעבְּרַאכְט מִיט אִיהְם קֵיין מִצְרַיִם: 8 אוּנְד דִיזֶע זֶענֶען דִיא נֶעמֶען פוּן דִיא זִיהְן פוּן יִשְׂרָאֵל, װָאס זֶענֶען גֶעקוּמֶען קֵיין מִצְרַיִם, יַעֲקֹב אוּנְד זֵיינֶע זִיהְן, דֶער עֶלְצְטֶער פוּן יַעֲקֹב, רְאוּבֵן: 9 אוּנְד דִיא זִיהְן פוּן רְאוּבֵן, חֲנוֹךְ אוּנְד פַלוּא אוּנְד חֶצְרוֹן אוּנְד כַרְמִי: 10 אוּנְד דִיא קִינְדֶער פוּן שִׁמְעוֹן, יְמוּאֵל, אוּנְד יָמִין, אוּנְד אֹהַד, אוּנְד יָכִין, אוּנְד צֹחַר אוּנְד שָׁאוּל דֶער זוּהְן פוּן אַ כְּנַעֲנִית: 11 אוּנְד דִיא זִיהְן פוּן לֵוִי, גֵרְשׁוֹן, קְהָת אוּנְד מְרָרִי: 12 אוּנְד דִיא זִיהְן פוּן יְהוּדָה, עֵר אוּנְד אוֹנָן אוּנְד שֵׁלָה אוּנְד פֶּרֶץ אוּנְד זָרַח, אוּנְד עֵר אוּנְד אוֹנָן זֶענֶען גֶעשְׁטָארְבֶּען אִין דֶעם לַאנְד כְּנָעַן, אוּנְד דִיא זִיהְן פוּן פֶּרֶץ זֶענֶען גֶעװֶעזֶען חֶצְרוֹן אוּנְד חָמוּל: 13 אוּנְד דִיא זִיהְן פוּן יִשָׂשכָר, תּוֹלָע אוּנְד פֻוָה אוּנְד יוֹב אוּנְד שִׁמְרוֹן: 14 אוּנְד דִיא זִיהְן פוּן זְבֻלוּן, סֶרֶד, אוּנְד אֵלוֹן אוּנְד יַחְלְאֵל: 15 דִיזֶע זֶענֶען דִיא זִיהְן פוּן לֵאָה װָאס זִיא הָאט גֶעװִינֶען צוּ יַעֲקֹב אִין פַּדַן אֲרָם, אוּנְד דִינָה זֵיינֶע טָאכְטֶער. אַלֶע זֶעלֶען פוּן זֵיינֶע זִיהְן אוּנְד פוּן זֵיינֶע טֶעכְטֶער דְרֵייא אוּנְד דְרֵייסִיג: 16 אוּנְד דִיא זִיהְן פוּן גָד, צִפְיוֹן אוּנְד חַגִי שׁוּנִי אוּנְד אֶצְבָּן, עֵרִי אוּנְד אֲרוֹדִי אוּנְד אַרְאֵלִי: 17 אוּנְד דִיא זִיהְן פוּן אָשֵׁר, יִמְנָה אוּנְד יִשְׁוָה, אוּנְד יִשְׁוִי, אוּנְד בְּרִיעָה, אוּנְד שֶׂרַח זֵייעֶרֶע שְׁװֶעסְטֶער, אוּנְד דִיא זִיהְן פוּן בְּרִיעָה חֶבֶר אוּנְד מַלְכִּיאֵל: 18 דִיזֶע זֶענֶען דִיא קִינְדֶער פוּן זִלְפָּה װָאס לָבָן הָאט גֶעגֶעבֶּען צוּ זֵיינֶע טָאכְטֶער לֵאָה, אוּנְד זִיא הָאט גֶעװָאוּנֶען צוּ יַעֲקֹב דִיא דָאזִיגֶע זֶעכְצֶעהְן זֶעלֶען: 19 דִיא זִיהְן פוּן רָחֵל דָאס װֵייבּ פוּן יַעֲקֹב, יוֹסֵף אוּנְד בִּנְיָמִין: 20 אוּנְד עֶס זֶענֶען גֶעבּוֹירֶען גֶעװָארֶען צוּ יוֹסֵף אִין דֶעם לַאנְד מִצְרַיִם, װָאס אָסְנַת דִיא טָאכְטֶער פוּן פּוֹטִי פֶרַע דֶער כֹּהֵן פוּן אֹן הָאט צוּ אִיהְם גֶעװִינֶען, מְנַשֶׁה אוּנְד אֶפְרָיִם: 21 אוּנְד דִיא זִיהְן פוּן בִּנְיָמִין, בֶּלַע אוּנְד בֶּכֶר אוּנְד אַשְׁבֵּל, גֵרָא אוּנְד נַעֲמָן אֵחִי אוּנְד רֹאשׁ, מֻפִּים אוּנְד חֻפִּים אוּנְד אָרְדְ: 22 דִיזֶע זֶענֶען דִיא זִיהְן פוּן רָחֵל װָאס זֶענֶען גֶעבּוֹירֶען גֶע־װָארֶען צוּ יַעֲקֹב, אַלֶע זֶעלֶען זֶענֶען גֶעװֶעזֶען פֶערְצֶעהְן: 23 אוּנְד דִיא זִיהְן פוּן דָן, חֻשִׁים: 24 אוּנְד דִיא זִיהְן פוּן נַפְתָּלִי, יַחְצְאֵל, אוּנְד גוּנִי, אוּנְד יֵצֶר, אוּנְד שִׁלֵם: 25 דִיא דָאזִיגֶע זֶענֶען דִיא זִיהְן פוּן בִּלְהָה װָאס לָבָן הָאט גֶעגֶעבֶּען צוּ רָחֵל זֵיינֶע טָאכְטֶער, אוּנְד זִיא הָאט גֶעװִינֶען דִיא דָאזִיגֶע צוּ יַעֲקֹב, אַלֶע זֶעלֶען זֶענֶען גֶעװֶעזֶען זִיבֶּען: 26 אַלֶע דִיא זֶעלֶען װָאס זֶענֶען גֶעקוּמֶען מִיט יַעֲקֹב

מִצְרַיְמָה יֹצְאֵי יְרֵכוֹ מִלְּבַד נְשֵׁי בְנֵי־יַעֲקֹב כָּל־נֶפֶשׁ שִׁשִּׁים
וָשֵׁשׁ׃ וּבְנֵי יוֹסֵף אֲשֶׁר־יֻלַּד־לוֹ בְמִצְרַיִם נֶפֶשׁ שְׁנָיִם כָּל־ 27
הַנֶּפֶשׁ לְבֵית־יַעֲקֹב הַבָּאָה מִצְרַיְמָה שִׁבְעִים׃ ס וְאֶת־ 28
יְהוּדָה שָׁלַח לְפָנָיו אֶל־יוֹסֵף לְהוֹרֹת לְפָנָיו גֹּשְׁנָה וַיָּבֹאוּ
אַרְצָה גֹּשֶׁן׃ וַיֶּאְסֹר יוֹסֵף מֶרְכַּבְתּוֹ וַיַּעַל לִקְרַאת־יִשְׂרָאֵל 29
אָבִיו גֹּשְׁנָה וַיֵּרָא אֵלָיו וַיִּפֹּל עַל־צַוָּארָיו וַיֵּבְךְּ עַל־צַוָּארָיו
עוֹד׃ וַיֹּאמֶר יִשְׂרָאֵל אֶל־יוֹסֵף אָמוּתָה הַפָּעַם אַחֲרֵי רְאוֹתִי ל
אֶת־פָּנֶיךָ כִּי עוֹדְךָ חָי׃ וַיֹּאמֶר יוֹסֵף אֶל־אֶחָיו וְאֶל־בֵּית 31
אָבִיו אֶעֱלֶה וְאַגִּידָה לְפַרְעֹה וְאֹמְרָה אֵלָיו אַחַי וּבֵית־אָבִי
אֲשֶׁר בְּאֶרֶץ־כְּנַעַן בָּאוּ אֵלָי׃ וְהָאֲנָשִׁים רֹעֵי צֹאן כִּי־אַנְשֵׁי 32
מִקְנֶה הָיוּ וְצֹאנָם וּבְקָרָם וְכָל־אֲשֶׁר לָהֶם הֵבִיאוּ׃ וְהָיָה 33
כִּי־יִקְרָא לָכֶם פַּרְעֹה וְאָמַר מַה־מַּעֲשֵׂיכֶם׃ וַאֲמַרְתֶּם 34
אַנְשֵׁי מִקְנֶה הָיוּ עֲבָדֶיךָ מִנְּעוּרֵינוּ וְעַד־עַתָּה גַּם־אֲנַחְנוּ גַּם־
אֲבֹתֵינוּ בַּעֲבוּר תֵּשְׁבוּ בְּאֶרֶץ גֹּשֶׁן כִּי־תוֹעֲבַת מִצְרַיִם כָּל־
רֹעֵה צֹאן׃

## מז

וַיָּבֹא יוֹסֵף וַיַּגֵּד לְפַרְעֹה וַיֹּאמֶר אָבִי וְאַחַי וְצֹאנָם וּבְקָרָם א
וְכָל־אֲשֶׁר לָהֶם בָּאוּ מֵאֶרֶץ כְּנָעַן וְהִנָּם בְּאֶרֶץ גֹּשֶׁן׃ וּמִקְצֵה 2
אֶחָיו לָקַח חֲמִשָּׁה אֲנָשִׁים וַיַּצִּגֵם לִפְנֵי פַרְעֹה׃ וַיֹּאמֶר 3
פַּרְעֹה אֶל־אֶחָיו מַה־מַּעֲשֵׂיכֶם וַיֹּאמְרוּ אֶל־פַּרְעֹה רֹעֵה
צֹאן עֲבָדֶיךָ גַּם־אֲנַחְנוּ גַּם־אֲבוֹתֵינוּ׃ וַיֹּאמְרוּ אֶל־פַּרְעֹה 4
לָגוּר בָּאָרֶץ בָּאנוּ כִּי־אֵין מִרְעֶה לַצֹּאן אֲשֶׁר לַעֲבָדֶיךָ כִּי־
כָבֵד הָרָעָב בְּאֶרֶץ כְּנָעַן וְעַתָּה יֵשְׁבוּ־נָא עֲבָדֶיךָ בְּאֶרֶץ
גֹּשֶׁן׃ וַיֹּאמֶר פַּרְעֹה אֶל־יוֹסֵף לֵאמֹר אָבִיךָ וְאַחֶיךָ בָּאוּ ה
אֵלֶיךָ׃ אֶרֶץ מִצְרַיִם לְפָנֶיךָ הִוא בְּמֵיטַב הָאָרֶץ הוֹשֵׁב 6
אֶת־אָבִיךָ וְאֶת־אַחֶיךָ יֵשְׁבוּ בְּאֶרֶץ גֹּשֶׁן וְאִם־יָדַעְתָּ וְיֶשׁ־
בָּם אַנְשֵׁי־חַיִל וְשַׂמְתָּם שָׂרֵי מִקְנֶה עַל־אֲשֶׁר־לִי׃ וַיָּבֵא 7

קיין מִצְרַיִם, וָואס זֶענֶען אַרוֹיסְגֶעקוּמֶען פוּן זַיין דִיעֶךְ, חוּץ דִיא וַוייבֶּער פוּן דִיא זִיהְן פוּן יַעֲקֹב, אַלֶע זֶענֶען גֶעוֶועזֶען זֶעקְס אוּנְד זֶעכְצִיג׃ 27 אוּנְד דִיא זִיהְן פוּן יוֹסֵף וָואס זֶענֶען גֶעבּוֹירֶען גֶעוָוארֶען צוּ אִיהְם אִין מִצְרַיִם, זֶענֶען גֶעוֶועזֶען צְווייא זֶעלֶען, אַלֶע דִיא זֶעלֶען צוּ דֶעם הוֹיז פוּן יַעֲקֹב, וָואס זֶענֶען גֶעקוּמֶען קיין מִצְרַיִם זֶענֶען גֶעוֶועזֶען זִיבְּצִיג׃ 28 אוּנְד יְהוּדָה הָאט עֶר גֶעשִׁיקְט פַאר זִיךְ צוּ יוֹסֵף, צוּ וַוייזֶען פַאר אִיהְם נָאךְ גֹשֶׁן, אוּנְד זַייא זֶענֶען גֶעקוּמֶען צוּ דֶעם לַאנְד גֹשֶׁן׃ 29 אוּנְד יוֹסֵף הָאט אֵיינְגֶעשְׁפַּאנְט זַיין רֵייטְוָואגֶען, אוּנְד עֶר אִיז אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען עֶנְטקֶעגֶען זַיין פָאטֶער יִשְׂרָאֵל קיין גֹשֶׁן, אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ גֶעוִויזֶען צוּ אִיהְם, אוּנְד עֶר אִיז גֶעפַאלֶען אוֹיף זַיין הַאלְז, אוּנְד עֶר הָאט זֶעהְר גֶעוֵויינְט אוֹיף זַיין הַאלְז׃ 30 אוּנְד יִשְׂרָאֵל הָאט גֶעזָאגְט צוּ יוֹסֵף דִיזֶעס מָאל קֶען אִיךְ שׁוֹין שְׁטַארְבֶּען, נָאכְדֶעם אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען דַיין פָּנִים אַז דוּא לֶעבְּסְט נָאךְ׃ 31 אוּנְד יוֹסֵף הָאט גֶעזָאגְט צוּ זַיינֶע בְּרִידֶער אוּנְד צוּ דֶעם הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן זַיין פָאטֶער, אִיךְ וֶועל אַרוֹיפְגֵייךְ, אוּנְד אִיךְ וֶועל עֶם אָנְזָאגֶען צוּ פַּרְעֹה, אוּנְד וֶועל אִיהְם זָאגֶען, מֵיינֶע בְּרִידֶער אוּנְד דָאס הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן מֵיין פָאטֶער וָואס זֶענֶען אִים לַאנְד כְּנַעַן זֶענֶען צוּ מִיר גֶעקוּמֶען׃ 32 אוּנְד דִיא מֶענֶער זֶענֶען פַאסְטוּכֶער פוּן שָׁאף, דֶען זַייא זֶענֶען לֵייט פוּן פִיךְ, אוּנְד זַיירֶע שָׁאף אוּנְד זַיירֶע רִינְדֶער אוּנְד אַלֶעס וָואס זַייא הָאבֶּען, הָאבֶּען זַייא גֶעבְּרַאכְט׃ 33 אוּנְד עֶם וֶועט זַיין, וֶוען פַּרְעֹה וֶועט אֵייךְ רוּפֶען אוּנְד עֶר וֶועט פְרֶעגֶען, וָואס אִיז אֵייעֶר וֶוערְק? 34 אַזוֹי זָאלְט אִיהְר זָאגֶען, דֵיינֶע קְנֶעכְט זֶענֶען לֵייטֶע פוּן פִיךְ פוּן אוּנְזֶער יוּגֶענְד אָן בִּיז אַצוּנְד, אוֹיךְ מִיר אוּנְד אוּנְזֶערֶע עֶלְטֶערֶען, כְּדֵי אִיהְר זָאלְט וְואוֹינֶען אִין דֶעם לַאנְד גֹשֶׁן, וָוארִין דִיא שָׁאף פַאסְטוּכֶער זֶענֶען אֵיינֶע אוּמְוֶוערְדִיגְקֵייט צוּ מִצְרַיִם׃

## קאפיטעל מז

1 אוּנְד יוֹסֵף אִיז גֶעקוּמֶען אוּנְד עֶר הָאט דֶערְצֵיילְט צוּ פַּרְעֹה, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, מֵיין פָאטֶער אוּנְד מֵיינֶע בְּרִידֶער, אוּנְד זֵייעֶרֶע שָׁאף אוּנְד זֵייעֶרֶע רִינְדֶער אוּנְד אַלֶעס וָואס זֵייא הָאבֶּען, זֶענֶען גֶעקוּמֶען פוּן דֶעם לַאנְד כְּנָעַן, אוּנְד זַייא זֶענֶען אִים לַאנְד גֹשֶׁן׃ 2 אוּנְד עֶר הָאט גֶענוּמֶען עֶטְלִיכֶע פוּן זַיינֶע בְּרִידֶער—פִינְף מֶענֶער—אוּנְד עֶר הָאט זַייא פָארְגֶעשְׁטֶעלְט פַאר פַּרְעֹה׃ 3 אוּנְד פַּרְעֹה הָאט גֶעזָאגְט צוּ זַיינֶע בְּרִידֶער, וָואס אִיז אֵייעֶר וֶוערְק? אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט צוּ פַּרְעֹה, דֵיינֶע קְנֶעכְט זֶענֶען שָׁאף פַאסְטוּכֶער, מִיר אוּנְד אוֹיךְ אוּנְזֶערֶע עֶלְטֶערֶען׃ 4 אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט צוּ פַּרְעֹה, מִיר זֶענֶען גֶעקוּמֶען צוּ וְואוֹינֶען אִין דֶעם לַאנְד, וֵוייל עֶם אִיז קֵיין פַאשֶׁע פַאר דִיא שָׁאף וָואס גֶעהֶערֶען צוּ דֵיינֶע קְנֶעכְט, וֵוייל דֶער הוּנְגֶער אִיז שְׁוֶוער אִין דֶעם לַאנְד כְּנַעַן, אוּנְד אִיצְט לָאז דָאךְ דֵיינֶע קְנֶעכְט וְואוֹינֶען אִין דֶעם לַאנְד גֹשֶׁן׃ 5 אוּנְד פַּרְעֹה הָאט גֶעזָאגְט צוּ יוֹסֵף, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, דֵיין פָאטֶער אוּנְד דֵיינֶע בְּרִידֶער זֶענֶען צוּ דִיר גֶעקוּמֶען׃ 6 דָאס לַאנְד מִצְרַיִם אִיז פַאר דִיר, אִין דֶעם בֶּעסְטֶען פוּן דֶעם לַאנְד בֶּעזֶעץ דֵיין פָאטֶער אוּנְד דֵיינֶע בְּרִידֶער, לָאזֶען זַייא וְואוֹינֶען אִין דֶעם לַאנְד גֹשֶׁן, אוּנְד אוֹיבּ דוּא וֵוייסְט אַז עֶס אִיז דָא צְוִוישֶׁען זַייא מֶעכְטִיגֶע מֶענֶער, זָאלְסְט דוּא זַייא מַאכֶען אוֹיבֶּערְשְׁטֶע אִיבֶּער דֶעם פִיךְ וָואס אִיךְ הָאבּ׃ 7 אוּנְד

יוֹסֵף אֶת־יַעֲקֹב אָבִיו וַיַּעֲמִדֵהוּ לִפְנֵי פַרְעֹה וַיְבָרֶךְ יַעֲקֹב
8 אֶת־פַּרְעֹה׃ וַיֹּאמֶר פַּרְעֹה אֶל־יַעֲקֹב כַּמָּה יְמֵי שְׁנֵי חַיֶּיךָ׃
9 וַיֹּאמֶר יַעֲקֹב אֶל־פַּרְעֹה יְמֵי שְׁנֵי מְגוּרַי שְׁלֹשִׁים וּמְאַת
שָׁנָה מְעַט וְרָעִים הָיוּ יְמֵי שְׁנֵי חַיַּי וְלֹא הִשִּׂיגוּ אֶת־יְמֵי שְׁנֵי
י חַיֵּי אֲבֹתַי בִּימֵי מְגוּרֵיהֶם׃ וַיְבָרֶךְ יַעֲקֹב אֶת־פַּרְעֹה וַיֵּצֵא
11 מִלִּפְנֵי פַרְעֹה׃ וַיּוֹשֵׁב יוֹסֵף אֶת־אָבִיו וְאֶת־אֶחָיו וַיִּתֵּן לָהֶם
אֲחֻזָּה בְּאֶרֶץ מִצְרַיִם בְּמֵיטַב הָאָרֶץ בְּאֶרֶץ רַעְמְסֵס כַּאֲשֶׁר
12 צִוָּה פַרְעֹה׃ וַיְכַלְכֵּל יוֹסֵף אֶת־אָבִיו וְאֶת־אֶחָיו וְאֵת כָּל־
13 בֵּית אָבִיו לֶחֶם לְפִי הַטָּף׃ וְלֶחֶם אֵין בְּכָל־הָאָרֶץ כִּי־
כָבֵד הָרָעָב מְאֹד וַתֵּלַהּ אֶרֶץ מִצְרַיִם וְאֶרֶץ כְּנַעַן מִפְּנֵי
14 הָרָעָב׃ וַיְלַקֵּט יוֹסֵף אֶת־כָּל־הַכֶּסֶף הַנִּמְצָא בְאֶרֶץ־מִצְרַיִם
וּבְאֶרֶץ כְּנַעַן בַּשֶּׁבֶר אֲשֶׁר־הֵם שֹׁבְרִים וַיָּבֵא יוֹסֵף אֶת־
טו הַכֶּסֶף בֵּיתָה פַרְעֹה׃ וַיִּתֹּם הַכֶּסֶף מֵאֶרֶץ מִצְרַיִם וּמֵאֶרֶץ
כְּנַעַן וַיָּבֹאוּ כָל־מִצְרַיִם אֶל־יוֹסֵף לֵאמֹר הָבָה־לָּנוּ לֶחֶם
16 וְלָמָּה נָמוּת נֶגְדֶּךָ כִּי אָפֵס כָּסֶף׃ וַיֹּאמֶר יוֹסֵף הָבוּ מִקְנֵיכֶם
17 וְאֶתְּנָה לָכֶם בְּמִקְנֵיכֶם אִם־אָפֵס כָּסֶף׃ וַיָּבִיאוּ אֶת־מִקְנֵיהֶם
אֶל־יוֹסֵף וַיִּתֵּן לָהֶם יוֹסֵף לֶחֶם בַּסּוּסִים וּבְמִקְנֵה הַצֹּאן
וּבְמִקְנֵה הַבָּקָר וּבַחֲמֹרִים וַיְנַהֲלֵם בַּלֶּחֶם בְּכָל־מִקְנֵהֶם
18 בַּשָּׁנָה הַהִוא׃ וַתִּתֹּם הַשָּׁנָה הַהִוא וַיָּבֹאוּ אֵלָיו בַּשָּׁנָה
הַשֵּׁנִית וַיֹּאמְרוּ לוֹ לֹא־נְכַחֵד מֵאֲדֹנִי כִּי אִם־תַּם הַכֶּסֶף
וּמִקְנֵה הַבְּהֵמָה אֶל־אֲדֹנִי לֹא נִשְׁאַר לִפְנֵי אֲדֹנִי בִּלְתִּי אִם־
19 גְּוִיָּתֵנוּ וְאַדְמָתֵנוּ׃ לָמָּה נָמוּת לְעֵינֶיךָ גַּם־אֲנַחְנוּ גַּם־אַדְמָתֵנוּ
קְנֵה־אֹתָנוּ וְאֶת־אַדְמָתֵנוּ בַּלָּחֶם וְנִהְיֶה אֲנַחְנוּ וְאַדְמָתֵנוּ
עֲבָדִים לְפַרְעֹה וְתֶן־זֶרַע וְנִחְיֶה וְלֹא נָמוּת וְהָאֲדָמָה לֹא
כ תֵשָׁם׃ וַיִּקֶן יוֹסֵף אֶת־כָּל־אַדְמַת מִצְרַיִם לְפַרְעֹה כִּי־מָכְרוּ
מִצְרַיִם אִישׁ שָׂדֵהוּ כִּי־חָזַק עֲלֵהֶם הָרָעָב וַתְּהִי הָאָרֶץ
21 לְפַרְעֹה׃ וְאֶת־הָעָם הֶעֱבִיר אֹתוֹ לֶעָרִים מִקְצֵה גְבוּל־
22 מִצְרַיִם וְעַד־קָצֵהוּ׃ רַק אַדְמַת הַכֹּהֲנִים לֹא קָנָה כִּי חֹק

יוסף האט געבראכט זיין פאטער יעקב אונד ער האט איהם פארגעשטעלט פאר פרעה, אונד יעקב האט געבענשט פרעה׳ן: 8 אונד פרעה האט געזאגט צו יעקב, וויפיל זענען דיא טעג פון דיא יאהרען פון דיין לעבען? 9 אונד יעקב האט געזאגט צו פרעה, דיא טעג פון דיא יאהרען פון מיינע וואנדערשאפט זענען הונדערט אונד דרייסיג יאהר, וועניג אונד שלעכט זענען געוועזען דיא טעג פון דיא יאהרען פון מיין לעבען, אונד זייא האבען ניט גרייכט דיא טעג פון מיינע עלטערען, אין דיא טעג פון זייערע וואנדערשאפט: 10 אונד יעקב האט פרעה׳ן געבענשט, אונד ער איז ארויס־געגאנגען פון פאר פרעה: 11 אונד יוסף האט בעזעצט זיין פאטער אונד זיינע ברידער, אונד ער האט צו זייא געגעבען א בעזיץ אים לאנד מצרים, אין דעם בעסטען פון דעם לאנד, אין דעם לאנד רעמסס, אזוי וויא פרעה האט געבאטען: 12 אונד יוסף האט געשפייזט זיין פאטער אונד זיינע ברידער אונד דאס גאנצע הויזגעזינד פון זיין פאטער מיט ברויט, נאך דעם באדארפעניס פון דיא קליינע קינדער: 13 אונד עס איז ניט געוועזען קיין ברויט אין דעם גאנצען לאנד, ווייל דער הונגער איז געוועזען זעהר שווער, אונד דאס לאנד מצרים איז פארשמאכט געווארען, אונד דאס לאנד כנען, וועגען דעם הונגער: 14 אונד יוסף האט צוזאמען געקליבען דאס גאנצע געלד וואס איז געפונען געווארען אין דעם לאנד מצרים אונד אין דעם לאנד כנען, פאר דעם קארן וואס זייא האבען געקויפט, אונד יוסף האט געבראכט דאס געלד אין דעם הויז פון פרעה: 15 אונד ווען דאס געלד האט זיך אויסגעלאזט פון דעם לאנד מצרים אונד פון דעם לאנד כנען, זענען אלע מצרים געקומען צו יוסף, אונד געזאגט, גיב אונס ברויט, פארוואס זאלען מיר שטארבען פאר דיר? דען דאס געלד האט זיך אויסגעלאזט: 16 אונד יוסף האט געזאגט, ברענגט אייער פיך, אונד איך וועל אייך געבען פאר אייער פיך, ווען דאס געלד האט זיך אויסגעלאזט: 17 אונד זייא האבען געבראכט זייער פיך צו יוסף, אונד יוסף האט צו זייא ברויט געגעבען, פאר פערד אונד פאר פיך פון שאף אונד פאר פיך פון רינדער אונד פאר איזעל, אונד ער האט זייא אויסגעהאלטען מיט ברויט אין דעם זעלביגען יאהר פאר זייער גאנץ פיך: 18 אונד ווען דאס זעלביגע יאהר האט זיך אויסגעלאזט, זענען זייא געקומען צו איהם אין דעם אנדערען יאהר, אונד זייא האבען צו איהם געזאגט, מיר וועלען ניט פערמיידען פון מיין האר, וואריין, דאס געלד האט זיך אויסגעלאזט, אונד דאס פיך פון בהמות געהערען צו מיין האר, עס איז ניט איבערגעבליבען פאר מיין האר, נייערט אונזערע לייבער אונד אונזער לאנד: 19 פארוואס זאלען מיר שטארבען פאר דיינע אויגען, אויך מיר אויך אונזער לאנד, קויף אונס אונד אונזער לאנד פאר ברויט, אונד מיר וועלען זיין, מיט אונזער לאנד קנעכט צו פרעה, אונד גיב זאמען, אונד לאמיר לעבען אונד לאמיר ניט שטארבען, אונד דאס לאנד זאל ניט פארוויסט ווערען: 20 אונד יוסף האט געקויפט דאס גאנצע לאנד פון מצרים צו פרעה, דען דיא מצרים האבען פארקויפט איטליכער זיין פעלד, ווייל דער הונגער האט זיך געשטארקט אויף זייא, אונד דאס לאנד זאל געהערען צו פרעה: 21 אונד ער האט געמאכט דאס פאלק איבערפארען צו דיא שטעט, פון איין ענד פון דיא גרענעץ פון מצרים אונד ביז צו דעם אנדערען ענד: 22 נאר דאס לאנד פון דיא כהנים האט ער ניט געקויפט, וואריין עס איז געוועזען א בעשטימטעס חלק

פאר

לַכֹּהֲנִים מֵאֵת פַּרְעֹה וְאָכְלוּ אֶת־חֻקָּם אֲשֶׁר נָתַן לָהֶם
פַּרְעֹה עַל־כֵּן לֹא מָכְרוּ אֶת־אַדְמָתָם: וַיֹּאמֶר יוֹסֵף אֶל־ 23
הָעָם הֵן קָנִיתִי אֶתְכֶם הַיּוֹם וְאֶת־אַדְמַתְכֶם לְפַרְעֹה הֵא־
לָכֶם זֶרַע וּזְרַעְתֶּם אֶת־הָאֲדָמָה: וְהָיָה בַּתְּבוּאֹת וּנְתַתֶּם 24
חֲמִישִׁית לְפַרְעֹה וְאַרְבַּע הַיָּדֹת יִהְיֶה לָכֶם לְזֶרַע הַשָּׂדֶה
וּלְאָכְלְכֶם וְלַאֲשֶׁר בְּבָתֵּיכֶם וְלֶאֱכֹל לְטַפְּכֶם: וַיֹּאמְרוּ כה
הֶחֱיִתָנוּ נִמְצָא־חֵן בְּעֵינֵי אֲדֹנִי וְהָיִינוּ עֲבָדִים לְפַרְעֹה:
וַיָּשֶׂם אֹתָהּ יוֹסֵף לְחֹק עַד־הַיּוֹם הַזֶּה עַל־אַדְמַת מִצְרַיִם 26
לְפַרְעֹה לַחֹמֶשׁ רַק אַדְמַת הַכֹּהֲנִים לְבַדָּם לֹא הָיְתָה
לְפַרְעֹה: וַיֵּשֶׁב יִשְׂרָאֵל בְּאֶרֶץ מִצְרַיִם בְּאֶרֶץ גֹּשֶׁן וַיֵּאָחֲזוּ 27
בָהּ וַיִּפְרוּ וַיִּרְבּוּ מְאֹד: יב
וַיְחִי יַעֲקֹב בְּאֶרֶץ מִצְרַיִם שְׁבַע עֶשְׂרֵה שָׁנָה וַיְהִי יְמֵי־ 28
יַעֲקֹב שְׁנֵי חַיָּיו שֶׁבַע שָׁנִים וְאַרְבָּעִים וּמְאַת שָׁנָה: וַיִּקְרְבוּ 29
יְמֵי־יִשְׂרָאֵל לָמוּת וַיִּקְרָא ׀ לִבְנוֹ לְיוֹסֵף וַיֹּאמֶר לוֹ אִם־נָא
מָצָאתִי חֵן בְּעֵינֶיךָ שִׂים־נָא יָדְךָ תַּחַת יְרֵכִי וְעָשִׂיתָ עִמָּדִי
חֶסֶד וֶאֱמֶת אַל־נָא תִקְבְּרֵנִי בְּמִצְרָיִם: וְשָׁכַבְתִּי עִם־אֲבֹתַי ל
וּנְשָׂאתַנִי מִמִּצְרַיִם וּקְבַרְתַּנִי בִּקְבֻרָתָם וַיֹּאמַר אָנֹכִי אֶעֱשֶׂה
כִדְבָרֶךָ: וַיֹּאמֶר הִשָּׁבְעָה לִי וַיִּשָּׁבַע לוֹ וַיִּשְׁתַּחוּ יִשְׂרָאֵל 31
עַל־רֹאשׁ הַמִּטָּה: פ

ויחי

וַיְהִי אַחֲרֵי הַדְּבָרִים הָאֵלֶּה וַיֹּאמֶר לְיוֹסֵף הִנֵּה אָבִיךָ א
חֹלֶה וַיִּקַּח אֶת־שְׁנֵי בָנָיו עִמּוֹ אֶת־מְנַשֶּׁה וְאֶת־אֶפְרָיִם:
וַיַּגֵּד לְיַעֲקֹב וַיֹּאמֶר הִנֵּה בִּנְךָ יוֹסֵף בָּא אֵלֶיךָ וַיִּתְחַזֵּק 2
יִשְׂרָאֵל וַיֵּשֶׁב עַל־הַמִּטָּה: וַיֹּאמֶר יַעֲקֹב אֶל־יוֹסֵף אֵל שַׁדַּי 3
נִרְאָה־אֵלַי בְּלוּז בְּאֶרֶץ כְּנָעַן וַיְבָרֶךְ אֹתִי: וַיֹּאמֶר אֵלַי 4
הִנְנִי מַפְרְךָ וְהִרְבִּיתִךָ וּנְתַתִּיךָ לִקְהַל עַמִּים וְנָתַתִּי אֶת־
הָאָרֶץ הַזֹּאת לְזַרְעֲךָ אַחֲרֶיךָ אֲחֻזַּת עוֹלָם: וְעַתָּה שְׁנֵי־ ה

פַאר דִיא כֹּהֲנִים פוּן פַּרְעֹה, אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶעגֶעסֶען זַייעֶר בֶּעשְׁטִימְטֶעס חֵלֶק וָואס פַּרְעֹה הָאט צוּ זַייא גֶעגֶעבֶּען, דָארוּם הָאבֶּען זַייא נִיט פֶערְקוֹיפְט זַייעֶר לַאנְד: 23 אוּנְד יוֹסֵף הָאט גֶעזָאגְט צוּ דֶעם פָאלְק, זֶעהְט, אִיךְ הָאבּ אֵייךְ הַיינְט גֶעקוֹיפְט, אוּנְד אֵייעֶר לַאנְד צוּ פַּרְעֹה, נָאט אֵייךְ זָאמֶען, אוּנְד אִיהְר זָאלְט זַייעֶן דָאס לַאנְד: 24 וֶוען עֶס וֶועט זַיין מִיט דֶער תְּבוּאָה, אַזוֹי זָאלְט אִיהְר גֶעבֶּען דֶעם פִינְפְטֶען טֵייל צוּ פַּרְעֹה, אוּנְד פִיעֶר טֵיילֶען זָאלֶען פַאר אֵייךְ זַיין, צוּ זָאמֶען פַאר דֶעם פֶעלְד אוּנְד צוּ אֵייעֶר עֶסֶען, אוּנְד פַאר דִיא וָואס זֶענֶען אִין אֵיירֶע הֵייזֶער, אוּנְד צוּ עֶסֶען פַאר אֵיירֶע קְלֵיינֶע קִינְדֶער: 25 אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט, דוּא הָאסְט אוּנְס גֶעמַאכְט לֶעבֶּען בְּלֵייבֶּען. לָאז אוּנְס גֶעפִינֶען חֵן אִין דִיא אוֹיגֶען פוּן מֵיין הַאר, אוּנְד מִיר וֶועלֶען זַיין קְנֶעכְט צוּ פַּרְעֹה: 26 אוּנְד יוֹסֵף הָאט עֶס גֶעמַאכְט פַאר אַ גֶעזֶעץ בִּיז צוּ דֶעם דָאזִיגֶען טָאג אִיבֶּער דֶעם לַאנְד מִצְרַיִם, צוּ גֶעבֶּען דֶעם פִינְפְטֶען טֵייל צוּ פַּרְעֹה, נָאר דָאס לַאנְד פוּן דִיא כֹּהֲנִים אַלֵיין אִיז נִיט גֶעוֶועזֶען צוּ פַּרְעֹה: 27 אוּנְד יִשְׂרָאֵל הָאט זִיךְ בֶּעזֶעצְט אִין דֶעם לַאנְד מִצְרַיִם, אִין דֶעם לַאנְד גֹּשֶׁן, אוּנְד הָאבֶּען זִיךְ פֶעסְט בֶּעזֶעצְט אִין אִיהְר, אוּנְד זַייא זֶענֶען פְרוּכְטְבַּאר גֶעוֶועזֶען, אוּנְד זַייא הָאבֶּען זִיךְ זֶעהְר בֶּעמֶעהְרְט:

ויחי

28 אוּנְד יַעֲקֹב הָאט גֶעלֶעבְּט אִין דֶעם לַאנְד מִצְרַיִם זִיבְּצֶען יָאהְר, אוּנְד עֶס זֶענֶען גֶעוֶועזֶען דִיא טֶעג פוּן יַעֲקֹב, דִיא יָאהְרֶען פוּן זַיין לֶעבֶּען, הוּנְדֶערְט אוּנְד זִיבֶּען אוּנְד פֶערְצִיג יָאהְר: 29 אוּנְד דִיא טֶעג פוּן יִשְׂרָאֵל צוּ שְׁטַארְבֶּען הָאבֶּען גֶענֶעהְנְט, אוּנְד עֶר הָאט גֶערוּפֶען זַיין זוּהְן יוֹסֵף, אוּנְד עֶר הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, אוֹיבּ אִיךְ הָאבּ נוּן גֶעפוּנֶען חֵן אִין דֵיינֶע אוֹיגֶען, טְהוּ נוּן דֵיינֶע הַאנְד אוּנְטֶער מֵיין דִיעךְ, אוּנְד דוּא זָאלְסְט מִיט מִיר טְהוּן גְנָאד אוּנְד וָואהְרְהֵייט, דוּא זָאלְסְט מִיךְ נִיט בֶּעגְרָאבֶּען אִין מִצְרַיִם: 30 נֵייעֶרְט אִיךְ וִויל לִיגֶען בֵּייא מֵיינֶע עֶלְטֶערְן, אוּנְד דוּא זָאלְסְט מִיךְ אַרוֹיסְטְרָאגֶען אוֹיס מִצְרַיִם, אוּנְד דוּא זָאלְסְט מִיךְ בֶּעגְרָאבֶּען אִין זַייעֶר בֶּעגְרֶעבְּנִיס. אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ וֶועל טְהוּן גְלֵייךְ אַזוֹי וִויא דֵיין וָוארְט: 31 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, שְׁוֶוער צוּ מִיר אוּנְד עֶר הָאט צוּ אִיהְם גֶעשְׁוָואוֹירֶען, אוּנְד יִשְׂרָאֵל הָאט זִיךְ גֶעבִּיקְט צוּ קָאפֶּענְס פוּן דֶעם בֶּעט:

קאפיטעל מח

1 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען נָאךְ דִיא דָאזִיגֶע זַאכֶען, הָאט מֶען גֶעזָאגְט צוּ יוֹסֵף, זֶעה דֵיין פָאטֶער אִיז קְרַאנְק, אַזוֹי הָאט עֶר מִיט זִיךְ גֶענוּמֶען זֵיינֶע צְווייא זִיהְן, דֶעם מְנַשֶּׁה אוּנְד אֶפְרָיִם: 2 אוּנְד מֶען הָאט דֶערְצֵיילְט צוּ יַעֲקֹב אוּנְד מֶען הָאט גֶעזָאגְט, זֶעה דֵיין זוּהְן יוֹסֵף קוּמְט צוּ דִיר, אוּנְד יִשְׂרָאֵל הָאט זִיךְ גֶעשְׁטַארְקְט, אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ אוֹיפְגֶעזֶעצְט אוֹיף דֶעם בֶּעט: 3 אוּנְד יַעֲקֹב הָאט גֶעזָאגְט צוּ יוֹסֵף, דֶער אַלְמֶעכְטִיגֶער גָאט הָאט זִיךְ צוּ מִיר בֶּעוִויזֶען אִין לוּז, אִים לַאנְד כְּנַעַן, אוּנְד עֶר הָאט מִיךְ גֶעבֶּענְשְׁט: 4 אוּנְד עֶר הָאט צוּ מִיר גֶעזָאגְט, זֶעה אִיךְ וֶועל דִיךְ פְרוּכְטְבַּאר מַאכֶען, אוּנְד אִיךְ וֶועל דִיךְ מֶעהְרֶען אוּנְד אִיךְ וֶועל דִיךְ מַאכֶען צוּ אַ זַאמְלוּנְג פוּן פֶעלְקֶער, אוּנְד אִיךְ וֶועל גֶעבֶּען דָאס דָאזִיגֶע לַאנְד צוּ דֵיינֶע קִינְדֶער נָאךְ דִיר, אֵיין אֵייבִּיגֶעס בֶּעזִיץ: 5 אוּנְד אַצוּנְד, דֵיינֶע צְווייא

זיהן

בָּנֶיךָ הַנּוֹלָדִים לְךָ בְּאֶרֶץ מִצְרַיִם עַד־בֹּאִי אֵלֶיךָ מִצְרַיְמָה
6 לִי־הֵם אֶפְרַיִם וּמְנַשֶּׁה כִּרְאוּבֵן וְשִׁמְעוֹן יִהְיוּ־לִי׃ וּמוֹלַדְתְּךָ
אֲשֶׁר־הוֹלַדְתָּ אַחֲרֵיהֶם לְךָ יִהְיוּ עַל שֵׁם אֲחֵיהֶם יִקָּרְאוּ
7 בְּנַחֲלָתָם׃ וַאֲנִי ׀ בְּבֹאִי מִפַּדָּן מֵתָה עָלַי רָחֵל בְּאֶרֶץ כְּנַעַן
בַּדֶּרֶךְ בְּעוֹד כִּבְרַת־אֶרֶץ לָבֹא אֶפְרָתָה וָאֶקְבְּרֶהָ שָּׁם
8 בְּדֶרֶךְ אֶפְרָת הִוא בֵּית לָחֶם׃ וַיַּרְא יִשְׂרָאֵל אֶת־בְּנֵי
9 יוֹסֵף וַיֹּאמֶר מִי־אֵלֶּה׃ וַיֹּאמֶר יוֹסֵף אֶל־אָבִיו בָּנַי הֵם
אֲשֶׁר־נָתַן־לִי אֱלֹהִים בָּזֶה וַיֹּאמַר קָחֶם־נָא אֵלַי וַאֲבָרְכֵם׃
י וְעֵינֵי יִשְׂרָאֵל כָּבְדוּ מִזֹּקֶן לֹא יוּכַל לִרְאוֹת וַיַּגֵּשׁ אֹתָם
11 אֵלָיו וַיִּשַּׁק לָהֶם וַיְחַבֵּק לָהֶם׃ וַיֹּאמֶר יִשְׂרָאֵל אֶל־יוֹסֵף
רְאֹה פָנֶיךָ לֹא פִלָּלְתִּי וְהִנֵּה הֶרְאָה אֹתִי אֱלֹהִים גַּם
12 אֶת־זַרְעֶךָ׃ וַיּוֹצֵא יוֹסֵף אֹתָם מֵעִם בִּרְכָּיו וַיִּשְׁתַּחוּ לְאַפָּיו
13 אָרְצָה׃ וַיִּקַּח יוֹסֵף אֶת־שְׁנֵיהֶם אֶת־אֶפְרַיִם בִּימִינוֹ מִשְּׂמֹאל
יִשְׂרָאֵל וְאֶת־מְנַשֶּׁה בִשְׂמֹאלוֹ מִימִין יִשְׂרָאֵל וַיַּגֵּשׁ אֵלָיו׃
14 וַיִּשְׁלַח יִשְׂרָאֵל אֶת־יְמִינוֹ וַיָּשֶׁת עַל־רֹאשׁ אֶפְרַיִם וְהוּא
הַצָּעִיר וְאֶת־שְׂמֹאלוֹ עַל־רֹאשׁ מְנַשֶּׁה שִׂכֵּל אֶת־יָדָיו כִּי
טו מְנַשֶּׁה הַבְּכוֹר׃ וַיְבָרֶךְ אֶת־יוֹסֵף וַיֹּאמַר הָאֱלֹהִים אֲשֶׁר
הִתְהַלְּכוּ אֲבֹתַי לְפָנָיו אַבְרָהָם וְיִצְחָק הָאֱלֹהִים הָרֹעֶה
16 אֹתִי מֵעוֹדִי עַד־הַיּוֹם הַזֶּה׃ הַמַּלְאָךְ הַגֹּאֵל אֹתִי מִכָּל־
רָע יְבָרֵךְ אֶת־הַנְּעָרִים וְיִקָּרֵא בָהֶם שְׁמִי וְשֵׁם אֲבֹתַי
17 אַבְרָהָם וְיִצְחָק וְיִדְגּוּ לָרֹב בְּקֶרֶב הָאָרֶץ׃ וַיַּרְא יוֹסֵף כִּי־
יָשִׁית אָבִיו יַד־יְמִינוֹ עַל־רֹאשׁ אֶפְרַיִם וַיֵּרַע בְּעֵינָיו וַיִּתְמֹךְ
יַד־אָבִיו לְהָסִיר אֹתָהּ מֵעַל רֹאשׁ־אֶפְרַיִם עַל־רֹאשׁ מְנַשֶּׁה׃
18 וַיֹּאמֶר יוֹסֵף אֶל־אָבִיו לֹא־כֵן אָבִי כִּי־זֶה הַבְּכֹר שִׂים יְמִינְךָ
19 עַל־רֹאשׁוֹ׃ וַיְמָאֵן אָבִיו וַיֹּאמֶר יָדַעְתִּי בְנִי יָדַעְתִּי גַּם־הוּא
יִהְיֶה־לְּעָם וְגַם־הוּא יִגְדָּל וְאוּלָם אָחִיו הַקָּטֹן יִגְדַּל מִמֶּנּוּ
כ וְזַרְעוֹ יִהְיֶה מְלֹא־הַגּוֹיִם׃ וַיְבָרְכֵם בַּיּוֹם הַהוּא לֵאמוֹר בְּךָ

זִיהְן וָואס זֶענֶען צוּ דִיר גֶעבּוֹירֶען גֶע־וָוארֶען אִין דֶעם לַאנְד מִצְרַיִם אֵיידֶער אִיךְ בִּין צוּ דִיר גֶעקוּמֶען קֵיין מִצְרַיִם, זֵייא זָאלֶען מֵיין זֵיין, אֶפְרַיִם אוּנְד מְנַשֶּׁה זָאלֶען מֵיין זֵיין, גְלֵייךְ אַזוֹי וִויא רְאוּבֵן אוּנְד שִׁמְעוֹן: 6 אוּנְד דֵיינֶע גֶעשְׁלֶעכְטֶער וָואס דוּא וֶועסְט נָאךְ זֵייא גֶעווִינֶען זָאלֶען דֵיין זֵיין, נָאךְ דֶעם נָאמֶען פוּן זֵיירֶע בְּרִידֶער זָאלֶען זֵייא גֶערוּפֶען וֶוערֶען אִין זֵיירֶע נַחֲלָה (עֶרְבְּטֵייל): 7 אוּנְד אִיךְ, — וֶוען אִיךְ בִּין גֶעקוּמֶען פוּן פַּדָּן, אִיז רָחֵל בֵּייא מִיר גֶעשְׁטָארְבֶּען אִין דֶעם לַאנְד כְּנַעַן אוֹיף דֶעם וֶועג, וֶוען עֶס אִיז גֶע־וֶועזֶען נָאר אֵיין אַקֶער לַאנְד צוּ קוּמֶען קֵיין אֶפְרָת, דָאס אִיז בֵּית לָחֶם: 8 אוּנְד וֶוען יִשְׂרָאֵל הָאט גֶעזֶעהֶען דִיא זִיהְן פוּן יוֹסֵף, הָאט עֶר גֶעזָאגְט, וֶוער זֶענֶען דִיא דָאזִיגֶע? 9 אוּנְד יוֹסֵף הָאט גֶעזָאגְט צוּ זֵיין פָאטֶער, זֵייא זֶענֶען מֵיינֶע זִיהְן וָואס גָאט הָאט מִיר דָא גֶעגֶעבֶּען, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, בְּרֶענְג זֵייא נוּן צוּ מִיר, אוּנְד אִיךְ וֶועל זֵייא בֶּענְשֶׁען: 10 אוּנְד דִיא אוֹיגֶען פוּן יִשְׂרָאֵל זֶענֶען שְׁוֶוער גֶעוָוארֶען פוּן וֶועגֶען עֶלְטֶער, עֶר הָאט נִיט גֶעקָאנְט זֶעהֶען. אוּנְד עֶר הָאט זֵייא צוּ אִיהְם גֶענֶעהְנְט, אוּנְד עֶר הָאט זֵייא גֶעקוּשְׁט, אוּנְד הָאט זֵייא גֶעהַאלְזְט: 11 אוּנְד יִשְׂרָאֵל הָאט גֶעזָאגְט צוּ יוֹסֵף, אִיךְ הָאבּ נִיט גֶעדַאכְט צוּ זֶעהֶען דֵיין פָּנִים, אוּנְד נוּן הָאט מִיךְ גָאט גֶעמַאכְט זֶעהֶען אוֹיךְ דֵיין זָאמֶען: 12 אוּנְד יוֹסֵף הָאט זֵייא אַרוֹיס גֶעבְּרַאכְט פוּן זֵיינֶע קְנִיא, אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ גֶעבִּיקְט מִיט זֵיין פָּנִים צוּ דֶער עֶרְד: 13 אוּנְד יוֹסֵף הָאט גֶענוּמֶען זֵייא בֵּיידֶע, דֶעם אֶפְרַיִם אִין זֵיינֶע רֶעכְטֶע הַאנְד, פוּן דֶער לִינְקֶע הַאנְד פוּן יִשְׂרָאֵל, אוּנְד מְנַשֶּׁה אִין זֵיינֶע לִינְקֶע הַאנְד, פוּן דֶער רֶעכְטֶע הַאנְד פוּן יִשְׂרָאֵל, אוּנְד עֶר הָאט זֵייא צוּ אִיהְם גֶענֶעהְנְט: 14 אוּנְד יִשְׂרָאֵל הָאט אוֹיסגֶעשְׁטְרֶעקְט זֵיינֶע רֶעכְטֶע הַאנְד, אוּנְד עֶר הָאט זִיא גֶעלֵייגְט אוֹיף דֶעם קָאפּ פוּן אֶפְרַיִם, אוּנְד עֶר אִיז גֶעוֶועזֶען דֶער יוּנְגְסְטֶער, אוּנְד זֵיינֶע לִינְקֶע הַאנְד אוֹיף דֶעם קָאפּ פוּן מְנַשֶּׁה, מִיט חָכְמָה הָאט עֶר גֶעלֵייגְט זֵיינֶע הֶענְד, ווֵייל מְנַשֶּׁה אִיז גֶעוֶועזֶען דֶער עֶלְצְטֶער: 15 אוּנְד עֶר הָאט יוֹסֵף גֶעבֶּענְשְׁט, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, דֶער גָאט וָואס מֵיינֶע עֶלְטֶערֶען אַבְרָהָם אוּנְד יִצְחָק זֶענֶען פַאר אִיהְם גֶעגַאנְגֶען, דֶער גָאט וָואס הָאט מִיךְ גֶעשְׁפֵּייזְט פוּן מֵיין לֶעבֶּען אָן בִּיז דֶעם דָאזִיגֶען טָאג: 16 דֶער מַלְאָךְ וָואס הָאט מִיךְ דֶערְלֵייזְט פוּן אַלֶערְלֵייא שְׁלֶעכְטְס, זָאל בֶּענְשֶׁען דִיא יוּנְגֶען, אוּנְד מֵיין נָאמֶען זָאל גֶערוּפֶען וֶוערֶען אוֹיף זֵייא, אוּנְד דֶער נָאמֶען פוּן מֵיינֶע עֶלְטֶערֶען אַבְרָהָם אוּנְד יִצְחָק, אוּנְד זֵייא זָאלֶען זִיךְ מֶעהְרֶען גְלֵייךְ וִויא פִישׁ אִין דֶעם לַאנְד: 17 אוּנְד וֶוען יוֹסֵף הָאט גֶעזֶעהֶען דָאס זֵיין פָאטֶער הָאט גֶעלֵייגְט זֵיינֶע רֶעכְטֶע הַאנְד אוֹיף דֶעם קָאפּ פוּן אֶפְרָיִם, אַזוֹי אִיז עֶס אִיהְם שְׁלֶעכְט גֶעפֶעלֶען אִין זֵיינֶע אוֹיגֶען, אוּנְד עֶר הָאט אָפְּגֶעהַאלְטֶען דִיא הַאנְד פוּן זֵיין פָאטֶער, זִיא אָפְּצוּטְהוּן פוּן דֶעם קָאפּ פוּן אֶפְרַיִם אוֹיף דֶעם קָאפּ פוּן מְנַשֶּׁה: 18 אוּנְד יוֹסֵף הָאט גֶעזָאגְט צוּ זֵיין פָאטֶער, נִיט אַזוֹי מֵיין פָאטֶער, וָוארִין דֶער דָאזִיגֶער אִיז דֶער בְּכוֹר, לֵייג דֵיינֶע רֶעכְטֶע הַאנְד אוֹיף זֵיין קָאפּ: 19 אוּנְד זֵיין פָאטֶער הָאט נִיט גֶעוָואלְט, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ ווֵייס עֶס מֵיין זוּהְן, אִיךְ ווֵייס. אוֹיךְ עֶר וֶועט זֵיין צוּ אַ פָאלְק, אוּנְד עֶר וֶועט אוֹיךְ גְרוֹיס וֶוערֶען, אָבֶּער זֵיין קְלֶענֶערֶער בְּרוּדֶער וֶועט גְרֶעסֶער זֵיין פוּן אִיהְם, אוּנְד זֵיינֶע קִינְדֶער וֶועלֶען זֵיין פִיל פֶעלְקֶער: 20 אוּנְד עֶר הָאט זֵייא גֶעבֶּענְשְׁט אִין דֶעמְזֶעלְבֶּען טָאג, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, אִין דִיר

זאל

יברכך ישראל לאמר ישמך אלהים כאפרים וכמנשה
21 וישם את־אפרים לפני מנשה: ויאמר ישראל אל־יוסף
הנה אנכי מת והיה אלהים עמכם והשיב אתכם אל־
22 ארץ אבתיכם: ואני נתתי לך שכם אחד על־אחיך אשר
לקחתי מיד האמרי בחרבי ובקשתי: פ

מט

א ויקרא יעקב אל־בניו ויאמר האספו ואגידה לכם את
2 אשר־יקרא אתכם באחרית הימים: הקבצו ושמעו בני
3 יעקב ושמעו אל־ישראל אביכם: ראובן בכרי אתה כחי
4 וראשית אוני יתר שאת ויתר עז: פחז כמים אל־תותר
כי עלית משכבי אביך אז חללת יצועי עלה: פ
ה' 6 שמעון ולוי אחים כלי חמס מכרתיהם: בסדם אל־תבא
נפשי בקהלם אל־תחד כבדי כי באפם הרגו איש וברצנם
7 עקרו־שור: ארור אפם כי עז ועברתם כי קשתה אחלקם
ביעקב ואפיצם בישראל: פ
8 יהודה אתה יודוך אחיך ידך בערף איביך ישתחוו לך
9 בני אביך: גור אריה יהודה מטרף בני עלית כרע רבץ
י כאריה וכלביא מי יקימנו: לא־יסור שבט מיהודה ומחקק
11 מבין רגליו עד כי־יבא שילה ולו יקהת עמים: אסרי
לגפן עירה ולשרקה בני אתנו כבס ביין לבשו ובדם־
12 ענבים סותה: חכלילי עינים מיין ולבן־שנים מחלב: פ
13 זבולן לחוף ימים ישכן והוא לחוף אנית וירכתו על־צידן: פ
14 טו יששכר חמר גרם רבץ בין המשפתים: וירא מנחה
כי טוב ואת־הארץ כי נעמה ויט שכמו לסבל ויהי למס־
16 17 עבד: ס דן ידין עמו כאחד שבטי ישראל: יהי־
דן נחש עלי־דרך שפיפן עלי־ארח הנשך עקבי־סוס
18 19 ויפל רכבו אחור: לישועתך קויתי יהוה: ס גד גדוד

זאל דיך ישראל בענטשען, צו זאגען, גאט זאל דיך מאכען וויא אפרים אונד וויא מנשה, אונד ער האט געטהון דעם אפרים פאר מנשה: 21 אונד ישראל האט געזאגט צו יוסף, זעה, איך שטארב, אונד גאט וועט זיין מיט אייך, אונד ער וועט אייך צוריק־ברענגען צו דעם לאנד פון אייערע עלטערען: 22 אונד איך האב דיר געגעבען א חלק איבער דיינע ברידער, וואס איך האב גענומען פון דער האנד פון דעם אמרי, מיט מיין שווערד אונד מיט מיין בויגען:

## קאפיטעל מט

1 אונד יעקב האט גערופען זיינע זיהן, אונד ער האט געזאגט, זאמעלט אייך איין, אונד איך וועל אייך זאגען וואס עס וועט אייך טרעפען אין דיא לעצטע טעג: 2 זאמעלט אייך, אונד הערט איהר קינדער פון יעקב, אונד הערט צו ישראל אייער פאטער:

3 ראובן, דוא ביזט מיין בכור, מיינע קראפט אונד מיינע ערשטע מאכט (דיר געהערט) מעהר הויכקייט אונד מעהר שטארקייט: 4 רוישענדיג אזוי וויא א וואסער, דוא זאלסט ניט מעהר דעם פאר־צוג האבען, ווייל דוא ביסט ארויפגע־גאנגען צו דעם בעט פון דיין פאטער, דענסמאל האסט דוא פערשוואכט מיין אויסגעשפרייט בעט אין דעם ארויפגיין:

5 שמעון אונד לוי זענען ברידער, כלים פון רויב איז זייערע האנדלונג: 6 אין זייער סוד זאל מיינע זעלע ניט קומען, אין זייערע פערזאמלונג זאל זיך מיינע הערליכקייט ניט פער־איינינגען, וואריין אין זייער צארן האבען זייא געהרגעט א מאן, אונד אין זייער ווילען האבען זייא אויסגעריסען איין אקס: 7 פערשאלטען זאל ווערען זייער צארן, ווייל ער איז שטארק, אונד זייער גרימצארן, חייל ער איז הארט, איך וועל זייא צוטיילען אין יעקב, אונד איך וועל זייא צושפרייטען אין ישראל:

8 דוא יהודה,—דיך וועלען דיינע ברידער לויבען, דיינע האנד וועט זיין אין דעם נאקען פון דיינע פיינד, עס וועלען זיך צו דיר ביקען דיא קינדער פון דיין פאטער: 9 יהודה איז א יונגער לייב. פון דיא פערצוקונג מיין זוהן, ביסט דוא ארויפגעגאנגען, ער האט געקניעט, ער האט געהויערט גלייך אזוי וויא א לייב, אונד גלייך אזוי וויא איין אלטער לייב, ווער וועט איהם מאכען אויפשטיין? 10 עס וועט ניט אפגעטהון ווערען קיין רוט (שבט) פון יהודה אונד קיין געזעצגעבער פון צווישען זיינע פיס, ביז שילה וועט קומען, אונד צו איהם וועלען זיך פעלקער איינזאמלען: 11 ער בינדעט אן דעם וויינשטאק זיין יונגען אייזעל, אונד צו דיא וויינ־טרויבען זיין אייזעלסקינד, ער האט געוואשען אין וויין זיין קלייד, אונד אין דעם בלוט פון דיא טרויבען זיינע דעק: 12 זיינע אויגען זענען רויט פון וויין אונד זיינע צעהן זענען ווייס פון מילך: 13 זבולן וועט וואוינען ביי דעם בארטען פון דיא ימים, אונד ער זאל זיין ביי דעם בארטען פון שיפען, און זיין זייט (גבול) וועט זיין ביי צידן: 14 יששכר איז א ביינינער אייזעל, ער הויערט צווישען דיא לאסטען: 15 אונד ער האט געזעהען דיא רוהונג אז זיא איז גוט, אונד דאס לאנד אז עס איז אנגענעהם, אונד ער האט געבייגט זיינע אקסעל צו טראגען, אונד ער איז געוועזען דינסטבאר צו צינס: 16 דן וועט ריכטען זיין פאלק, גלייך אזוי וויא איינער פון דיא שבטים פון ישראל: 17 דן וועט זיין א שלאנג אויף דעם וועג, איינע אטער־שלאנג אויף דעם שטעג, וואס בייסט דעם פוס פון דעם פערד, אונד זיין רייטער פאלט הינטער זיך: 18 אויף דיינע הילף האב איך געהאפט א גאט! 19 גד, א מחנה

וועט

כ יְהוּדֶנּוּ וְהוּא יָגֻד עָקֵב: ס מֵאָשֵׁר שְׁמֵנָה לַחְמוֹ וְהוּא
21 יִתֵּן מַעֲדַנֵּי־מֶלֶךְ: ס נַפְתָּלִי אַיָּלָה שְׁלֻחָה הַנֹּתֵן אִמְרֵי־
22 שָׁפֶר: ס בֵּן פֹּרָת יוֹסֵף בֵּן פֹּרָת עֲלֵי־עָיִן בָּנוֹת צָעֲדָה
23 24 עֲלֵי־שׁוּר: וַיְמָרֲרֻהוּ וָרֹבּוּ וַיִּשְׂטְמֻהוּ בַּעֲלֵי חִצִּים: וַתֵּשֶׁב
בְּאֵיתָן קַשְׁתּוֹ וַיָּפֹזּוּ זְרֹעֵי יָדָיו מִידֵי אֲבִיר יַעֲקֹב מִשָּׁם
כה רֹעֶה אֶבֶן יִשְׂרָאֵל: מֵאֵל אָבִיךָ וְיַעְזְרֶךָּ וְאֵת שַׁדַּי וִיבָרְכֶךָּ
בִּרְכֹת שָׁמַיִם מֵעָל בִּרְכֹת תְּהוֹם רֹבֶצֶת תָּחַת בִּרְכֹת
26 שָׁדַיִם וָרָחַם: בִּרְכֹת אָבִיךָ גָּבְרוּ עַל־בִּרְכֹת הוֹרַי עַד־
תַּאֲוַת גִּבְעֹת עוֹלָם תִּהְיֶיןָ לְרֹאשׁ יוֹסֵף וּלְקָדְקֹד נְזִיר אֶחָיו: פ
27 בִּנְיָמִין זְאֵב יִטְרָף בַּבֹּקֶר יֹאכַל עַד וְלָעֶרֶב יְחַלֵּק שָׁלָל:
28 כָּל־אֵלֶּה שִׁבְטֵי יִשְׂרָאֵל שְׁנֵים עָשָׂר וְזֹאת אֲשֶׁר־דִּבֶּר
לָהֶם אֲבִיהֶם וַיְבָרֶךְ אוֹתָם אִישׁ אֲשֶׁר כְּבִרְכָתוֹ בֵּרַךְ
29 אֹתָם: וַיְצַו אוֹתָם וַיֹּאמֶר אֲלֵהֶם אֲנִי נֶאֱסָף אֶל־עַמִּי קִבְרוּ
אֹתִי אֶל־אֲבֹתָי אֶל־הַמְּעָרָה אֲשֶׁר בִּשְׂדֵה עֶפְרוֹן הַחִתִּי:
ל בַּמְּעָרָה אֲשֶׁר בִּשְׂדֵה הַמַּכְפֵּלָה אֲשֶׁר־עַל־פְּנֵי מַמְרֵא
בְּאֶרֶץ כְּנָעַן אֲשֶׁר קָנָה אַבְרָהָם אֶת־הַשָּׂדֶה מֵאֵת עֶפְרֹן
31 הַחִתִּי לַאֲחֻזַּת־קָבֶר: שָׁמָּה קָבְרוּ אֶת־אַבְרָהָם וְאֵת שָׂרָה
אִשְׁתּוֹ שָׁמָּה קָבְרוּ אֶת־יִצְחָק וְאֵת רִבְקָה אִשְׁתּוֹ וְשָׁמָּה
32 קָבַרְתִּי אֶת־לֵאָה: מִקְנֵה הַשָּׂדֶה וְהַמְּעָרָה אֲשֶׁר־בּוֹ מֵאֵת
33 בְּנֵי־חֵת: וַיְכַל יַעֲקֹב לְצַוֹּת אֶת־בָּנָיו וַיֶּאֱסֹף רַגְלָיו אֶל־
הַמִּטָּה וַיִּגְוַע וַיֵּאָסֶף אֶל־עַמָּיו:

נ

2 א וַיִּפֹּל יוֹסֵף עַל־פְּנֵי אָבִיו וַיֵּבְךְּ עָלָיו וַיִּשַּׁק־לוֹ: וַיְצַו יוֹסֵף
אֶת־עֲבָדָיו אֶת־הָרֹפְאִים לַחֲנֹט אֶת־אָבִיו וַיַּחַנְטוּ הָרֹפְאִים
3 אֶת־יִשְׂרָאֵל: וַיִּמְלְאוּ־לוֹ אַרְבָּעִים יוֹם כִּי כֵּן יִמְלְאוּ יְמֵי
4 הַחֲנֻטִים וַיִּבְכּוּ אֹתוֹ מִצְרַיִם שִׁבְעִים יוֹם: וַיַּעַבְרוּ יְמֵי
בְכִיתוֹ וַיְדַבֵּר יוֹסֵף אֶל־בֵּית פַּרְעֹה לֵאמֹר אִם־נָא מָצָאתִי

וֶועט אִיהְם דְרֶענְגֶען, אָבֶּער עֶר וֶועט דְרֶענְגֶען דִיא הִינְטֶערְשְׁטֶע: 20 וֶועגֶען אָשֵׁר, זַיין בְּרוֹיט אִיז פֶעט. אוּנְד עֶר וֶועט גֶעבֶּען דִיא קֶענִיגְלִיכֶע שְׁפֵּייזֶען: 21 נַפְתָּלִי אִיז אַ גֶעשְׁוִוינְדֶע אִינְד וָואס גִיבְּט שֵׁיינֶע וֶוערְטֶער: 22 אַ פְרוּכְטבַּארֶע צְוַוייג אִיז יוֹסֵף, אַ פְרוּכְטבַּארֶע צְוַוייג בַּייא דֶעם קְוֶועלְבְּרוּנֶען, אֵיטְלִיכֶע צְוַוייג גֵייט אִיבֶּער דִיא מוֹיעֶר: 23 אָבֶּער זַייא הָאבֶּען אִיהְם פֶערְבִּיטֶערְט אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶעשָׁאסֶען, אוּנְד דִיא בּוֹיגֶען־שִׁיסֶער הָאבֶּען אִיהְם פֵיינְד גֶעהַאט: 24 אָבֶּער זַיין בּוֹיגֶען אִיז גֶעבְּלִיבֶּען אִין שְׁטַארְקְהַייט, אוּנְד דִיא אָרֶעמְס פוּן זַיינֶע הֶענְד זֶענֶען גֶעשְׁטַארְקְט, פוּן דִיא הֶענְד פוּן דֶעם מֶעכְטִיגֶען אִין יַעֲקֹב, פוּן דָארְטֶען אִיז דֶער הִירְט, דֶער שְׁטֵיין פוּן יִשְׂרָאֵל: 25 פוּן דֶעם גָאט פוּן דַיין פָאטֶער, אוּנְד עֶר וֶועט דִיר הֶעלְפֶען, אוּנְד פוּן דֶעם אַלְמֶעכְטִיגֶען, אוּנְד עֶר וֶועט דִיךְ בֶּענְשֶׁען מִיט דִיא בְּרָכָה פוּן דֶעם הִימֶעל פוּן אוֹיבֶּען, מִיט דִיא בְּרָכָה פוּן דֶעם אָפְּגְרוּנְד וָואס לִיגְט אוּנְטֶען, מִיט דִיא בְּרָכָה פוּן דֶער בְּרוּסְט אוּנְד פוּן דֶער גֶעבֶּערְמוּטֶער: 26 דִיא בְּרָכָה פוּן דַיין פָאטֶער הָאט זִיךְ גֶעשְׁטַארְקְט אִיבֶּער דִיא בְּרָכָה פוּן מֵיינֶע עֶלְטֶערְן, בִּיז צוּ דֶער גְרֶענֶעץ פוּן דִיא אֵייבִּיגֶע בֶּערְג, זַייא זָאלֶען זַיין אוֹיף דֶעם קָאפּ פוּן יוֹסֵף, אוּנְד אוֹיף דֶעם נַאקֶען פוּן דֶעם אָפְּגֶעשֵׁיידֶעטֶען פוּן זַיינֶע בְּרִידֶער:

27 בִּנְיָמִין אִיז אַ וָואלְף וָואס פֶערְצוּקְט, אִין דֶער פְרִיה וֶועט עֶר עֶסֶען רוֹיב, אוּנְד צוּ אָבֶענְד וֶועט עֶר צוּטֵיילֶען רוֹיב: 28 אַלֶע דִיא דָאזִיגֶע שְׁבָטִים פוּן יִשְׂרָאֵל זֶענֶען צְוֶועלְף, אוּנְד דָאס אִיז וָואס זַייעֶר פָאטֶער הָאט גֶערֶעט צוּ זַייא, אוּנְד עֶר הָאט זַייא גֶעבֶּענְשְׁט, אִיטְלִיכֶען נָאךְ זַיינֶע בְּרָכָה הָאט עֶר זַייא גֶעבֶּענְשְׁט: 29 אוּנְד עֶר הָאט זַייא גֶעבָּאטֶען, אוּנְד עֶר הָאט צוּ זַייא גֶעזָאגְט, אִיךְ וֶועל אֵיינְגֶעזַאמֶעלְט וֶוערֶען צוּ מֵיין פָאלְק, בֶּעגְרָאבְּט מִיךְ בַּייא מֵיינֶע פֶעטֶער, אִין דֶער הֵייל וָואס אִיז אִין דֶעם פֶעלְד פוּן עֶפְרוֹן דֶעם חִתִּי: 30 אִין דֶער הֵייל וָואס אִיז אִין דֶעם פֶעלְד פוּן מַכְפֵּלָה, וָואס אִיז בַּייא מַמְרֵא אִין דֶעם לַאנְד כְּנַעַן, וָואס אַבְרָהָם הָאט גֶעקוֹיפְט, דָאס פֶעלְד פוּן עֶפְרוֹן דֶעם חִתִּי, פַאר אַ בֶּעגְרֶעבְּנִיס: 31 דָארְט הָאבֶּען זַייא בֶּעגְרָאבֶּען אַבְרָהָם אוּנְד שָׂרָה זַיין וַוייבּ, דָארְט הָאבֶּען זַייא בֶּעגְרָאבֶּען יִצְחָק אוּנְד רִבְקָה זַיין וַוייבּ, אוּנְד דָארְט הָאבּ אִיךְ בֶּעגְרָאבֶּען לֵאָה: 32 דָאס גֶעקוֹיפְטֶע פֶעלְד אוּנְד דִיא הֵייל וָואס אִיז דְרִינֶען, פוּן דִיא זִיהְן פוּן חֵת: 33 אוּנְד יַעֲקֹב הָאט גֶעעֶנְדִיגְט צוּ בֶּעפֶעהְלֶען זַיינֶע זִיהְן, אוּנְד עֶר הָאט אַרֵיינְגֶענוּמֶען דִיא פִים אִין דֶעם בֶּעט אוּנְד עֶר אִיז פֶערְגַאנְגֶען. אוּנְד עֶר אִיז אֵיינְגֶעזַאמֶעלְט גֶעוָוארֶען צוּ זַיין פָאלְק:

קאפיטעל נ

1 אוּנְד יוֹסֵף אִיז גֶעפַאלֶען אוֹיף דֶעם פָּנִים פוּן זַיין פָאטֶער, אוּנְד עֶר הָאט אִיבֶּער אִיהְם גֶעוֵויינְט, אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם גֶעקוּשְׁט: 2 אוּנְד יוֹסֵף הָאט גֶעבָּאטֶען זַיינֶע קְנֶעכְט דִיא דָאקְטוֹירִים זַיין פָאטֶער צוּ בַּאלְזַאמִירֶען, אוּנְד דִיא דָאקְטוֹירִים הָאבֶּען בַּאלְזַאמִירְט יִשְׂרָאֵל: 3 אוּנְד פֶערְצִיג טֶעג זֶענֶען דֶערְפִילְט גֶעוָוארֶען צוּ אִיהְם, וָוארִין אַזוֹי וֶוערֶען דֶערְפִילְט דִיא טֶעג פוּן דִיא וָואס זֶענֶען בַּאלְזַאמִירְט, אוּנְד מִצְרַיִם הָאט אִיהְם בֶּעוֵויינְט זִיבְּצִיג טֶעג: 4 אוּנְד דִיא טֶעג פוּן זַיינֶע בֶּעוֵויינוּנְג זֶענֶען פֶערְגַאנְגֶען, אוּנְד יוֹסֵף הָאט גֶערֶעט צוּ דֶעם הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן פַּרְעֹה אַזוֹי צוּ זָאגֶען, וֶוען אִיךְ הָאבּ נוּן

געפוּנען

חֵן בְּעֵינֵיכֶם דַּבְּרוּ־נָא בְּאָזְנֵי פַרְעֹה לֵאמֹר׃ אָבִי הִשְׁבִּיעַנִי ה
לֵאמֹר הִנֵּה אָנֹכִי מֵת בְּקִבְרִי אֲשֶׁר כָּרִיתִי לִי בְּאֶרֶץ כְּנַעַן
שָׁמָּה תִּקְבְּרֵנִי וְעַתָּה אֶעֱלֶה־נָּא וְאֶקְבְּרָה אֶת־אָבִי וְאָשׁוּבָה׃
וַיֹּאמֶר פַּרְעֹה עֲלֵה וּקְבֹר אֶת־אָבִיךָ כַּאֲשֶׁר הִשְׁבִּיעֶךָ׃ 6
וַיַּעַל יוֹסֵף לִקְבֹּר אֶת־אָבִיו וַיַּעֲלוּ אִתּוֹ כָּל־עַבְדֵי פַרְעֹה 7
זִקְנֵי בֵיתוֹ וְכֹל זִקְנֵי אֶרֶץ־מִצְרָיִם׃ וְכֹל בֵּית יוֹסֵף וְאֶחָיו 8
וּבֵית אָבִיו רַק טַפָּם וְצֹאנָם וּבְקָרָם עָזְבוּ בְּאֶרֶץ גֹּשֶׁן׃
וַיַּעַל עִמּוֹ גַּם־רֶכֶב גַּם־פָּרָשִׁים וַיְהִי הַמַּחֲנֶה כָּבֵד מְאֹד׃ 9
וַיָּבֹאוּ עַד־גֹּרֶן הָאָטָד אֲשֶׁר בְּעֵבֶר הַיַּרְדֵּן וַיִּסְפְּדוּ־שָׁם י
מִסְפֵּד גָּדוֹל וְכָבֵד מְאֹד וַיַּעַשׂ לְאָבִיו אֵבֶל שִׁבְעַת יָמִים׃
וַיַּרְא יוֹשֵׁב הָאָרֶץ הַכְּנַעֲנִי אֶת־הָאֵבֶל בְּגֹרֶן הָאָטָד וַיֹּאמְרוּ 11
אֵבֶל־כָּבֵד זֶה לְמִצְרָיִם עַל־כֵּן קָרָא שְׁמָהּ אָבֵל מִצְרַיִם
אֲשֶׁר בְּעֵבֶר הַיַּרְדֵּן׃ וַיַּעֲשׂוּ בָנָיו לוֹ כֵּן כַּאֲשֶׁר צִוָּם׃ 12
וַיִּשְׂאוּ אֹתוֹ בָנָיו אַרְצָה כְּנַעַן וַיִּקְבְּרוּ אֹתוֹ בִּמְעָרַת שְׂדֵה 13
הַמַּכְפֵּלָה אֲשֶׁר קָנָה אַבְרָהָם אֶת־הַשָּׂדֶה לַאֲחֻזַּת־קֶבֶר
מֵאֵת עֶפְרֹן הַחִתִּי עַל־פְּנֵי מַמְרֵא׃ וַיָּשָׁב יוֹסֵף מִצְרַיְמָה 14
הוּא וְאֶחָיו וְכָל־הָעֹלִים אִתּוֹ לִקְבֹּר אֶת־אָבִיו אַחֲרֵי קָבְרוֹ
אֶת־אָבִיו׃ וַיִּרְאוּ אֲחֵי־יוֹסֵף כִּי־מֵת אֲבִיהֶם וַיֹּאמְרוּ לוּ טו
יִשְׂטְמֵנוּ יוֹסֵף וְהָשֵׁב יָשִׁיב לָנוּ אֵת כָּל־הָרָעָה אֲשֶׁר גָּמַלְנוּ
אֹתוֹ׃ וַיְצַוּוּ אֶל־יוֹסֵף לֵאמֹר אָבִיךָ צִוָּה לִפְנֵי מוֹתוֹ לֵאמֹר׃ 16
כֹּה־תֹאמְרוּ לְיוֹסֵף אָנָּא שָׂא נָא לְפֶשַׁע אַחֶיךָ וְחַטָּאתָם 17
כִּי־רָעָה גְמָלוּךָ וְעַתָּה שָׂא נָא לְפֶשַׁע עַבְדֵי אֱלֹהֵי אָבִיךָ
וַיֵּבְךְּ יוֹסֵף בְּדַבְּרָם אֵלָיו׃ וַיֵּלְכוּ גַּם־אֶחָיו וַיִּפְּלוּ לְפָנָיו 18
וַיֹּאמְרוּ הִנֶּנּוּ לְךָ לַעֲבָדִים׃ וַיֹּאמֶר אֲלֵהֶם יוֹסֵף אַל־ 19
תִּירָאוּ כִּי הֲתַחַת אֱלֹהִים אָנִי׃ וְאַתֶּם חֲשַׁבְתֶּם עָלַי רָעָה כ
אֱלֹהִים חֲשָׁבָהּ לְטֹבָה לְמַעַן עֲשֹׂה כַּיּוֹם הַזֶּה לְהַחֲיֹת
עַם־רָב׃ וְעַתָּה אַל־תִּירָאוּ אָנֹכִי אֲכַלְכֵּל אֶתְכֶם וְאֶת־ 21

גֶעפֿוּנֶען חֵן אִין אֵייעֶרֶע אוֹיגֶען, רֶעדֶט, אִיךְ
בֶּעט אִין דִיא אוֹירֶען פוּן פַּרְעֹה אַזוֹי צוּ
זָאגֶען: 5 מֵיין פָאטֶער הָאט מִיךְ בֶּע־
שְׁווָארֶען, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, זֶעה, אִיךְ
שְׁטַארְבּ, אִין מֵיין בֶּעגְרֶעבְּנִיס וָואס אִיךְ
הָאבּ גֶעגְרָאבֶּען פַאר מִיר, אִין דֶעם
לַאנְד כְּנַעַן, דָארְט זָאלְסְט דוּא מִיךְ
בֶּעגְרָאבֶּען, אוּנְד אַצוּנְד לָאז מִיךְ אַרוֹיפְ־
גֵייען, אִיךְ בֶּעט, אוּנְד אִיךְ וֶועל מֵיין
פָאטֶער בֶּעגְרָאבֶּען, אוּנְד אִיךְ וֶועל ווִידֶער
צוּרִיקְקֶעהְרֶען: 6 אוּנְד פַּרְעֹה הָאט גֶע־
זָאגְט, גֵייא אַרוֹיף אוּנְד בֶּעגְרָאבּ דֵיין
פָאטֶער, גְלֵייךְ אַזוֹי וִויא עֶר הָאט דִיךְ
בֶּעשְׁווָארֶען: 7 אוּנְד יוֹסֵף אִיז אַרוֹיפְגֶע־
גַאנְגֶען צוּ בֶּעגְרָאבֶּען זֵיין פָאטֶער, אוּנְד
עֶס זֶענֶען מִיט אִיהְם אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען
אַלֶע קְנֶעכְט פוּן פַּרְעֹה, דִיא עֶלְצְטֶע פוּן
זֵיין הוֹיז, אוּנְד אַלֶע עֶלְצְטֶע פוּן דֶעם
לַאנְד מִצְרַיִם: 8 אוּנְד דָאס גַאנְצֶע
הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן יוֹסֵף אוּנְד זֵיינֶע בְּרִידֶער,
אוּנְד דָאס הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן זֵיין פָאטֶער,
נָאר זֵייעֶרֶע קְלֵיינֶע קִינְדֶער אוּנְד זֵייעֶרֶע
שָׁאף אוּנְד זֵייעֶרֶע רִינְדֶער, הָאבֶּען זֵייא
גֶעלָאזְט אִין דֶעם לַאנְד גֹּשֶׁן: 9 אוּנְד
עֶס זֶענֶען מִיט אִיהְם אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען
אוֹיךְ רֵייטְוֶועגֶען, אוֹיךְ רֵייטֶער, אוּנְד דִיא שַׁאר (מַחֲנֶה) אִיז גֶעוֶועזֶען זֶעהר גְרוֹיס: 10 אוּנְד
זֵייא זֶענֶען גֶעקוּמֶען בִּיז צוּ דֶער שֵׁייעֶר פוּן אָטָד, וָואס אִיז אַן יֶענֶער זֵייט פוּן דֶעם
יַרְדֵן, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען דָארְט גֶעקְלָאגְט אַ זֶעהר גְרוֹיסֶע אוּנְד שְׁוֶוערֶע קְלָאג (הֶסְפֵּד),
אוּנְד עֶר הָאט גֶעמַאכְט צוּ זֵיין פָאטֶער אַ טְרוֹיעֶר פוּן זִיבֶּען טֶעג: 11 אוּנְד וֶוען דִיא
אֵיינְוְואוֹינֶער פוּן דֶעם לַאנְד, דֶער כְּנַעֲנִי, הָאט גֶעזֶעהֶען דִיא טְרוֹיעֶרִיגְקֵייט בַּייא דֶער
שֵׁייעֶר פוּן אָטָד אַזוֹי הָאבֶּען זֵייא גֶעזָאגְט, דִיא דָאזִיגֶע אִיז אַ שְׁוֶוערֶע טְרוֹיעֶרִיגְקֵייט
צוּ דִיא מִצְרִים, דָארוּם הָאט מֶען גֶערוּפֶען אִיהר נָאמֶען אָבֵל מִצְרַיִם, וָואס אִיז אַן
יֶענֶער זֵייט פוּן דֶעם יַרְדֵן: 12 אוּנְד זֵיינֶע זִיהְן הָאבֶּען גֶעמַאכְט צוּ אִיהְם גְלֵייךְ אַזוֹי
וִויא עֶר הָאט זֵייא גֶעבָּאטֶען: 13 אוּנְד זֵיינֶע זִיהְן הָאבֶּען אִיהְם גֶעטְרָאגֶען צוּ דֶעם
לַאנְד כְּנַעַן, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אִיהְם בֶּעגְרָאבֶּען אִין דֶער הֵייל פוּן דֶעם פֶעלְד פוּן
מַכְפֵּלָה, וָואס אַבְרָהָם הָאט גֶעקוֹיפְט דָאס פֶעלְד פַאר אַ בֶּעזִיץ פוּן אַ בֶּעגְרֶעבְּנִיס, פוּן
עֶפְרוֹן דֶעם חִתִּי פָאר מַמְרֵא: 14 אוּנְד יוֹסֵף הָאט צוּרִיקְגֶעקֶעהְרְט קֵיין מִצְרַיִם, עֶר
אוּנְד זֵיינֶע בְּרִידֶער אוּנְד אַלֶע וָואס זֶענֶען מִיט אִיהְם אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען צוּ בֶּעגְרָאבֶּען
זֵיין פָאטֶער, נָאכְדֶעם אַז עֶר הָאט בֶּעגְרָאבֶּען זֵיין פָאטֶער: 15 וֶוען יוֹסֵף׳ס בְּרִידֶער
הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען אַז זֵייעֶר פָאטֶער אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען, הָאבֶּען זֵייא גֶעזָאגְט,
טָאמֶער וֶועט יוֹסֵף אוּנְס פֵיינְד הָאבֶּען, אוּנְד עֶר וֶועט אוּנְס צוּרִיקְקֶעהְרֶען פַאר אַלֶעס
שְׁלֶעכְטֶע וָואס מִיר הָאבֶּען אִיהְם גֶעטְהוּן: 16 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען בֶּעפוֹילֶען צוּ יוֹסֵף
צוּ זָאגֶען, דֵיין פָאטֶער הָאט גֶעבָּאטֶען פַאר זֵיין טוֹיט צוּ זָאגֶען: 17 אַזוֹי זָאלְט אִיהר זָאגֶען
צוּ יוֹסֵף, אִיךְ בֶּעט, פֶערְגִיבּ נוּן דִיא אִיבֶּערְטְרֶעטוּנְג פוּן דֵיינֶע בְּרִידֶער אוּנְד זֵייעֶרֶע
זִינְד, וָואס זֵייא הָאבֶּען דִיר שְׁלֶעכְטֶעס גֶעטְהוּן, אוּנְד אַצוּנְד, פֶערְגֶעבּ דָאךְ דִיא זִינְד פוּן
דִיא קְנֶעכְט פוּן דֶעם גָאט פוּן דֵיין פָאטֶער. אוּנְד יוֹסֵף הָאט גֶעוַויינְט ווייל זֵייא הָאבֶּען
גֶערֶעדְט צוּ אִיהְם: 18 אוּנְד זֵיינֶע בְּרִידֶער זֶענֶען גֶעגַאנְגֶען אוּנְד זֶענֶען אוֹיךְ פָאר אִיהְם
אַנִידֶער גֶעפַאלֶען אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט, זֶעה, מִיר זֶענֶען צוּ דִיר צוּ קְנֶעכְט: 19 אוּנְד
יוֹסֵף הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט פָארְכְט אֵייךְ נִיט, בִּין אִיךְ דֶען אַנְשְׁטָאט פוּן גָאט? 20 אִיהר
הָאט גֶעדֶענְקְט שְׁלֶעכְטֶעס אוֹיף מִיר, גָאט הָאט עֶס גֶערֶעכֶענְט צוּ גוּטֶען, כְּדֵי
צוּ טְהוּן אַזוֹי וִויא עֶס אִיז דִיזֶען טָאג, פִיל פָאלְק בַּייא דֶעם לֶעבֶּען צוּ
דֶערְהַאלְטֶען: 21 אוּנְד אַצוּנְד פָארְכְט אֵייךְ נִיט, אִיךְ וֶועל אֵייךְ שְׁפֵּייזֶען אוּנְד אֵייעֶרֶע
קְלֵיינֶע

22 טַפְּכֶם וַיְנַחֵם אוֹתָם וַיְדַבֵּר עַל־לִבָּם׃ וַיֵּשֶׁב יוֹסֵף בְּמִצְרַיִם
23 הוּא וּבֵית אָבִיו וַיְחִי יוֹסֵף מֵאָה וָעֶשֶׂר שָׁנִים׃ וַיַּרְא
יוֹסֵף לְאֶפְרַיִם בְּנֵי שִׁלֵּשִׁים גַּם בְּנֵי מָכִיר בֶּן־מְנַשֶּׁה יֻלְּדוּ
24 עַל־בִּרְכֵּי יוֹסֵף׃ וַיֹּאמֶר יוֹסֵף אֶל־אֶחָיו אָנֹכִי מֵת וֵאלֹהִים
פָּקֹד יִפְקֹד אֶתְכֶם וְהֶעֱלָה אֶתְכֶם מִן־הָאָרֶץ הַזֹּאת אֶל־
כה הָאָרֶץ אֲשֶׁר נִשְׁבַּע לְאַבְרָהָם לְיִצְחָק וּלְיַעֲקֹב׃ וַיַּשְׁבַּע
יוֹסֵף אֶת־בְּנֵי יִשְׂרָאֵל לֵאמֹר פָּקֹד יִפְקֹד אֱלֹהִים אֶתְכֶם
26 וְהַעֲלִתֶם אֶת־עַצְמֹתַי מִזֶּה׃ וַיָּמָת יוֹסֵף בֶּן־מֵאָה וָעֶשֶׂר
שָׁנִים וַיַּחַנְטוּ אֹתוֹ וַיִּישֶׂם בָּאָרוֹן בְּמִצְרָיִם׃

## חזק

סכום פסוקי דספר בראשית אלף וחמש מאות ושלשים וארבעה. א"ך ל"ד סימן: והציו ועל חרבך תחיה: פרשיותיו י"ב. זה שמי לעלם סימן: וסדריו מ"ג. גם ברוך יהיה סימן: ופרקיו נ'. יי' תנו לך קרינו סימן: מנין הפתוחות שלשה וארבעים והסתומות שמנה וארבעים. הכל תשעים ואחת פרשיות. צא אתה וכל העם אשר ברגליך סימן:

קליינע קינדער, אונד ער האט זייא געטרייסט אונד ער האט גערעט אויף זייער הארץ: 22 אונד יוסף האט געוואוינט אין מצרים, ער אונד דאס הויזגעזינד פון זיין פאטער, אונד יוסף האט געלעבט הונדערט אונד צעהן יאהר: 23 אונד יוסף האט געזעהען אפרים'ס קינדער ביז צום דריטען געשלעכט, אויך קינדער פון מכיר, זוהן פון מנשה, זענען געווינען געוואָרען אויף דיא קניא פון יוסף: 24 אונד יוסף האט געזאגט צו זיינע ברידער, איך שטארב, אונד גאט וועט אן אייך געוויס געדענקען, אונד ער וועט אייך מאכען ארויפגיין פון דעם דאזיגען לאנד צו דעם לאנד וואס ער האט געשוואָרען צו אברהם, צו יצחק, אונד צו יעקב: 25 אונד יוסף האט בעשוואָרען דיא קינדער ישראל אזוי צו זאגען, גאט וועט אן אייך געוויס געדענקען, אזוי ברענגט ארויף מיינע ביינער פון דאנען: אונד יוסף איז געשטארבען הונדערט אונד צעהן יאהר אלט, אונד זייא האבען איהם באלזאמירט אונד מען האט איהם אריינגעלייגט אין א קאסטען אין מצרים:

## חזק:

אלע פסוקים פון דעם ספר בראשית זענען איין טויזענד פינף הונדערט אונד פיער אונד דרייסיג, אונד דיא העלפט דאפון איז קאפיטעל כ"ז מ'. אונד האט פופציג קאפיטעל אונד צוועלף פרשיות:

# שמות.

וְאֵלֶּה שְׁמוֹת בְּנֵי יִשְׂרָאֵל הַבָּאִים מִצְרָיְמָה אֵת יַעֲקֹב אִישׁ א
וּבֵיתוֹ בָּאוּ: רְאוּבֵן שִׁמְעוֹן לֵוִי וִיהוּדָה: יִשָּׂשכָר זְבוּלֻן 2 3
וּבִנְיָמִן: דָּן וְנַפְתָּלִי גָּד וְאָשֵׁר: וַיְהִי כָּל־נֶפֶשׁ יֹצְאֵי יֶרֶךְ 4 ה
יַעֲקֹב שִׁבְעִים נָפֶשׁ וְיוֹסֵף הָיָה בְמִצְרָיִם: וַיָּמָת יוֹסֵף וְכָל־ 6
אֶחָיו וְכֹל הַדּוֹר הַהוּא: וּבְנֵי יִשְׂרָאֵל פָּרוּ וַיִּשְׁרְצוּ וַיִּרְבּוּ 7
וַיַּעַצְמוּ בִּמְאֹד מְאֹד וַתִּמָּלֵא הָאָרֶץ אֹתָם: פ
וַיָּקָם מֶלֶךְ־חָדָשׁ עַל־מִצְרָיִם אֲשֶׁר לֹא־יָדַע אֶת־יוֹסֵף: 8
וַיֹּאמֶר אֶל־עַמּוֹ הִנֵּה עַם בְּנֵי יִשְׂרָאֵל רַב וְעָצוּם מִמֶּנּוּ: 9
הָבָה נִתְחַכְּמָה לוֹ פֶּן־יִרְבֶּה וְהָיָה כִּי־תִקְרֶאנָה מִלְחָמָה י
וְנוֹסַף גַּם־הוּא עַל־שֹׂנְאֵינוּ וְנִלְחַם־בָּנוּ וְעָלָה מִן־הָאָרֶץ:
וַיָּשִׂימוּ עָלָיו שָׂרֵי מִסִּים לְמַעַן עַנֹּתוֹ בְּסִבְלֹתָם וַיִּבֶן עָרֵי 11
מִסְכְּנוֹת לְפַרְעֹה אֶת־פִּתֹם וְאֶת־רַעַמְסֵס: וְכַאֲשֶׁר יְעַנּוּ 12
אֹתוֹ כֵּן יִרְבֶּה וְכֵן יִפְרֹץ וַיָּקֻצוּ מִפְּנֵי בְּנֵי יִשְׂרָאֵל: וַיַּעֲבִדוּ 13
מִצְרַיִם אֶת־בְּנֵי יִשְׂרָאֵל בְּפָרֶךְ: וַיְמָרְרוּ אֶת־חַיֵּיהֶם 14
בַּעֲבֹדָה קָשָׁה בְּחֹמֶר וּבִלְבֵנִים וּבְכָל־עֲבֹדָה בַּשָּׂדֶה אֵת
כָּל־עֲבֹדָתָם אֲשֶׁר־עָבְדוּ בָהֶם בְּפָרֶךְ: וַיֹּאמֶר מֶלֶךְ טו
מִצְרַיִם לַמְיַלְּדֹת הָעִבְרִיֹּת אֲשֶׁר שֵׁם הָאַחַת שִׁפְרָה וְשֵׁם
הַשֵּׁנִית פּוּעָה: וַיֹּאמֶר בְּיַלֶּדְכֶן אֶת־הָעִבְרִיּוֹת וּרְאִיתֶן עַל־ 16
הָאָבְנָיִם אִם־בֵּן הוּא וַהֲמִתֶּן אֹתוֹ וְאִם־בַּת הִוא וָחָיָה:
וַתִּירֶאןָ הַמְיַלְּדֹת אֶת־הָאֱלֹהִים וְלֹא עָשׂוּ כַּאֲשֶׁר דִּבֶּר אֲלֵיהֶן 17

1 אונד דיא דאזיגע זענען דיא נעמען
פון דיא זיהן פון ישראל, וואס זענען
געקומען קיין מצרים מיט יעקב, איטלי־
כער מאן אונד זיין הויזגעזינד זענען זייא
געקומען: 2 ראובן, שמעון, לוי אונד
יהודה: 3 יששכר, זבולן אונד בנימין:
4 דן אונד נפתלי, גד אונד אשר: 5 אונד
עס זענען געוועזען אלע זעלען וואס
זענען ארויסגעגאנגען פון דעם דיעך
פון יעקב, זיבציג זעלען, אונד יוסף איז
געוועזען אין מצרים: 6 אונד יוסף איז
געשטארבען אונד אלע זיינע ברידער,
אונד דאס גאנצע זעלביגע געשלעכט:
7 אונד דיא קינדער ישראל זענען גע־
וועזען פרוכטבאר, אונד זייא האבען זיך
געווידמעט, אונד זייא האבען זיך גע־
מעהרט, אונד זייא האבען זיך זעהר
געשטארקט, אונד דאס לאנד איז פון
זייא פול געווארען:

8 אונד עס איז אויפגעשטאנען א נייער קעניג איבער מצרים, וואס האט ניט געקענט
דעם יוסף: 9 אונד ער האט געזאגט צו זיין פאלק, זעהט, דאס פאלק פון דיא קינדער
ישראל איז מעהר אונד שטארקער פון אונס: 10 קומט, מיר וועלען קלוג האנדלען
מיט איהם, טאמער וועט ער זיך מעהרען אונד עס וועט זיין, ווען א קריג וועט זיך
טרעפען, אזוי וועט ער זיך צוגעזעלען צו אונזערע פיינד, אונד ער וועט קעגען אונס
שטרייטען, אונד ער וועט ארויפגיין פון דעם לאנד: 11 אונד זייא האבען געזעצט
איבער איהם פירשטען פון צינזען, כדי זייא זאלען איהם פייניגען מיט זיירע לאסטען,
אונד ער האט געבויעט שטעט פון בעהאלטענים צו פרעה, פתום אונד רעמסס:
12 אונד וויא מעהר זייא האבען זייא געפייניגט, אזוי פיעל מעהר האבען זייא זיך
געמעהרט, אונד אזוי האט ער זיך אויסגעברייט, אונד זייא זענען אין אנגסט געוועזען
פון וועגען דיא קינדער ישראל: 13 אונד דיא מצרים האבען געמאכט ארבייטען
דיא קינדער ישראל מיט הארטיגקייט: 14 אונד זייא האבען פערביטערט זייער
לעבען מיט הארטע ארבייט, אין ליים אונד ציגעל, אונד אין אלערלייא דינסט אויף
דעם פעלד, אל זייער דינסט וואס זייא האבען געארבייט מיט זייא מיט הערטיגקייט:
15 אונד דער קעניג פון מצרים האט געזאגט צו דיא יודישע הייבאמען, וואס דער
נאמען פון איינער איז געוועזען שפרה, אונד דער נאמען פון דער אנדערער איז
געוועזען פועה: 16 אונד ער האט געזאגט, ווען איהר וועט העלפען דיא יודישע
ווייבער געווינען, אונד ווען איהר וועט זייא זעהען אויף דיא ברוך־שטוהלען, ווען עס
איז א זוהן, אזוי זאלט איהר איהם טייטען, אונד ווען עס איז א טאכטער אזוי
זאל זיא לעבען בלייבען: 17 אבער דיא הייבאמען האבען גאט געפארכטען, אונד
זייא האבען ניט געטהון גלייך אזוי וויא דער קעניג פון מצרים האט צו זייא גערעט,

18 מֶלֶךְ מִצְרָיִם וַתְּחַיֶּיןָ אֶת־הַיְלָדִים: וַיִּקְרָא מֶלֶךְ־מִצְרַיִם
לַמְיַלְּדֹת וַיֹּאמֶר לָהֶן מַדּוּעַ עֲשִׂיתֶן הַדָּבָר הַזֶּה וַתְּחַיֶּיןָ
19 אֶת־הַיְלָדִים: וַתֹּאמַרְןָ הַמְיַלְּדֹת אֶל־פַּרְעֹה כִּי לֹא כַנָּשִׁים
הַמִּצְרִיֹּת הָעִבְרִיֹּת כִּי־חָיוֹת הֵנָּה בְּטֶרֶם תָּבוֹא אֲלֵהֶן
כ הַמְיַלֶּדֶת וְיָלָדוּ: וַיֵּיטֶב אֱלֹהִים לַמְיַלְּדֹת וַיִּרֶב הָעָם וַיַּעַצְמוּ
21 מְאֹד: וַיְהִי כִּי־יָרְאוּ הַמְיַלְּדֹת אֶת־הָאֱלֹהִים וַיַּעַשׂ לָהֶם
22 בָּתִּים: וַיְצַו פַּרְעֹה לְכָל־עַמּוֹ לֵאמֹר כָּל־הַבֵּן הַיִּלּוֹד הַיְאֹרָה
תַּשְׁלִיכֻהוּ וְכָל־הַבַּת תְּחַיּוּן: פ

ב

2 א וַיֵּלֶךְ אִישׁ מִבֵּית לֵוִי וַיִּקַּח אֶת־בַּת־לֵוִי: וַתַּהַר הָאִשָּׁה
וַתֵּלֶד בֵּן וַתֵּרֶא אֹתוֹ כִּי־טוֹב הוּא וַתִּצְפְּנֵהוּ שְׁלֹשָׁה יְרָחִים:
3 וְלֹא־יָכְלָה עוֹד הַצְּפִינוֹ וַתִּקַּח־לוֹ תֵּבַת גֹּמֶא וַתַּחְמְרָה
בַחֵמָר וּבַזָּפֶת וַתָּשֶׂם בָּהּ אֶת־הַיֶּלֶד וַתָּשֶׂם בַּסּוּף עַל־
4 שְׂפַת הַיְאֹר: וַתֵּתַצַּב אֲחֹתוֹ מֵרָחֹק לְדֵעָה מַה־יֵּעָשֶׂה
ה לוֹ: וַתֵּרֶד בַּת־פַּרְעֹה לִרְחֹץ עַל־הַיְאֹר וְנַעֲרֹתֶיהָ הֹלְכֹת
עַל־יַד הַיְאֹר וַתֵּרֶא אֶת־הַתֵּבָה בְּתוֹךְ הַסּוּף וַתִּשְׁלַח אֶת־
6 אֲמָתָהּ וַתִּקָּחֶהָ: וַתִּפְתַּח וַתִּרְאֵהוּ אֶת־הַיֶּלֶד וְהִנֵּה־נַעַר
7 בֹּכֶה וַתַּחְמֹל עָלָיו וַתֹּאמֶר מִיַּלְדֵי הָעִבְרִים זֶה: וַתֹּאמֶר
אֲחֹתוֹ אֶל־בַּת־פַּרְעֹה הַאֵלֵךְ וְקָרָאתִי לָךְ אִשָּׁה מֵינֶקֶת
8 מִן הָעִבְרִיֹּת וְתֵינִק לָךְ אֶת־הַיָּלֶד: וַתֹּאמֶר־לָהּ בַּת־פַּרְעֹה
9 לֵכִי וַתֵּלֶךְ הָעַלְמָה וַתִּקְרָא אֶת־אֵם הַיָּלֶד: וַתֹּאמֶר לָהּ
בַּת־פַּרְעֹה הֵילִיכִי אֶת־הַיֶּלֶד הַזֶּה וְהֵינִקִהוּ לִי וַאֲנִי אֶתֵּן
י אֶת־שְׂכָרֵךְ וַתִּקַּח הָאִשָּׁה הַיֶּלֶד וַתְּנִיקֵהוּ: וַיִּגְדַּל הַיֶּלֶד
וַתְּבִאֵהוּ לְבַת־פַּרְעֹה וַיְהִי־לָהּ לְבֵן וַתִּקְרָא שְׁמוֹ מֹשֶׁה
11 וַתֹּאמֶר כִּי מִן־הַמַּיִם מְשִׁיתִהוּ: וַיְהִי ׀ בַּיָּמִים הָהֵם וַיִּגְדַּל
מֹשֶׁה וַיֵּצֵא אֶל־אֶחָיו וַיַּרְא בְּסִבְלֹתָם וַיַּרְא אִישׁ מִצְרִי
12 מַכֶּה אִישׁ־עִבְרִי מֵאֶחָיו: וַיִּפֶן כֹּה וָכֹה וַיַּרְא כִּי־אֵין אִישׁ

אונד זייא האבען דיא זיהן געלאזט לעבען: 18 אונד דער קעניג פון מצרים האט גערופען צו דיא הייבאמען אונד ער האט צו זייא געזאגט, פארוואס האט איהר געטהון דיא דאזיגע זאך, אונד איהר האט געלאזט לעבען דיא קינדער? 19 אונד דיא הייבאמען האבען געזאגט צו פרעה, דיא יודישע ווייבער זענען ניט גלייך אזוי וויא דיא מצרישע ווייבער, וואַרין זייא זענען לעבהאפט, איידער דיא הייבאם קומט צו זייא האבען זייא שוין געווינען: 20 אונד גאט האט גוטעס געטוהן צו דיא הייבאמען, אונד דאס פאלק האט זיך געמעהרט, אונד זייא האבען זיך זעהר געשטארקט: 21 אונד עס איז געוועזען ווייל דיא הייבאמען האבען געפארכטען גאט, אזוי האט ער פאר זייא געמאכט הייזער: 22 אונד פרעה האט געבאטען צו זיין גאנץ פאלק צו זאגען, איטליכען זוהן וואס וועט גע־בוירען ווערען זאלט איהר אריינוואַרפען אין דעם שטראם, אונד איטליכע טאכטער זאלט איהר לאזען לעבען:

קאפיטעל ב

1 אונד א מאן פון דעם הויז פון לוי איז געגאנגען, אונד ער האט גענומען א טאכטער פון לוי: 2 אונד דאס ווייב איז טראַ־גענדיג געווארען אונד זיא האט געווינען א זוהן, ווען זיא האט איהם געזעהען אז ער איז גוט אזוי האט זיא איהם באהאלטען דרייא חדשים: 3 אונד ווען זיא האט איהם ניט געקאנט לענגער באהאלטען, אזוי האט זיא פאר איהם גענומען א קאסטען פון ראהר אונד זיא האט איהם פערקלעבט מיט ליים אונד מיט פעך, אונד זיא האט דאס קינד דרינען אריינגעלייגט אונד זיא האט עס געלייגט אין דעם געמויזיכטס בייא דעם בארטען פון דעם שטראם: 4 אונד זיינע שוועסטער האט זיך געשטעלט פון וייטען, צו וויסען וואס וועט צו איהם געטוהן ווערען: 5 אונד דיא טאכטער פון פרעה איז אראפגעגאנגען זיך צו באדען אין דעם שטראם, אונד איהרע מיידלעך זענען געגאנגען בייא דער זייט פון דעם שטראם, אונד ווען זיא האט געזעהען דעם קאסטען צווישען דעם געמויזיכטס, האט זיא געשיקט איהרע דינסט מויד אונד זיא האט איהם גענומען: 6 אונד ווען זיא האט אויפ־געמאכט, האט זיא געזעהען דאס קינד, אונד זעה דער יונג האט געוויינט, אונד זיא האט זיך איבער איהם דערבארמט, אונד זיא האט געזאגט דער דאזיגער איז פון דיא קינדער פון דיא עברים: 7 אונד זיינע שוועסטער האט געזאגט צו דער טאכטער פון פרעה, זאל איך גיין אונד צו דיר רופען א ווייב, א זייגאם פון דיא יודישע ווייבער, אז זיא זאל דאס קינד פאר דיר זייגען? 8 אונד דיא טאכטער פון פרעה האט צו איהר גע־זאגט, גייא, אונד דיא יונגפרויא איז געגאנגען, אונד זיא האט גערופען דיא מוטער פון דעם קינד: 9 אונד דיא טאכטער פון פרעה האט צו איהר געזאגט, נעם דאס דאזיגע קינד אונד זייג איהם פאר מיר, אונד איך וועל דיר געבען דיין לוין, אונד דאס ווייב האט גענומען דאס קינד אונד זיא האט עס געזייגט: 10 אונד דאס קינד איז גרויס געווארען אונד זיא האט עס געבראכט צו דיא טאכטער פון פרעה, אונד ער איז געוועזען צו איהר פאר א זוהן, אונד זיא האט גערופען זיין נאמען משה, וואַרין זיא האט געזאגט ווייל איך האב איהם ארויסגעצויגען פון דעם וואסער: 11 אונד עס איז געוועזען אין דיזעלביגע טעג ווען משה איז גרויס געווארען איז ער ארויסגעגאנגען צו זיינע ברידער, אונד ער האט געזעהען זייערע לאסטען, אונד ער האט געזעהען א מאן, א מצרי, האט געשלאגען א מאן איין עברי פון זיינע ברידער: 12 אונד ער האט זיך אומגעקעהרט אהין אונד אהער, אונד ער האט געזעהען אז עס איז קיין מענש ניט דא,

אזוי

הַךְ אֶת־הַמִּצְרִי וַיִּטְמְנֵהוּ בַּחוֹל׃ וַיֵּצֵא בַּיּוֹם הַשֵּׁנִי וְהִנֵּה 13
שְׁנֵי־אֲנָשִׁים עִבְרִים נִצִּים וַיֹּאמֶר לָרָשָׁע לָמָּה תַכֶּה רֵעֶךָ׃
וַיֹּאמֶר מִי שָׂמְךָ לְאִישׁ שַׂר וְשֹׁפֵט עָלֵינוּ הַלְהָרְגֵנִי אַתָּה 14
אֹמֵר כַּאֲשֶׁר הָרַגְתָּ אֶת־הַמִּצְרִי וַיִּירָא מֹשֶׁה וַיֹּאמַר אָכֵן
נוֹדַע הַדָּבָר׃ וַיִּשְׁמַע פַּרְעֹה אֶת־הַדָּבָר הַזֶּה וַיְבַקֵּשׁ לַהֲרֹג טו
אֶת־מֹשֶׁה וַיִּבְרַח מֹשֶׁה מִפְּנֵי פַרְעֹה וַיֵּשֶׁב בְּאֶרֶץ־מִדְיָן
וַיֵּשֶׁב עַל־הַבְּאֵר׃ וּלְכֹהֵן מִדְיָן שֶׁבַע בָּנוֹת וַתָּבֹאנָה 16
וַתִּדְלֶנָה וַתְּמַלֶּאנָה אֶת־הָרְהָטִים לְהַשְׁקוֹת צֹאן אֲבִיהֶן׃
וַיָּבֹאוּ הָרֹעִים וַיְגָרְשׁוּם וַיָּקָם מֹשֶׁה וַיּוֹשִׁעָן וַיַּשְׁקְ אֶת־ 17
צֹאנָם׃ וַתָּבֹאנָה אֶל־רְעוּאֵל אֲבִיהֶן וַיֹּאמֶר מַדּוּעַ מִהַרְתֶּן 18
בֹּא הַיּוֹם׃ וַתֹּאמַרְןָ אִישׁ מִצְרִי הִצִּילָנוּ מִיַּד הָרֹעִים וְגַם־ 19
דָּלֹה דָלָה לָנוּ וַיַּשְׁקְ אֶת־הַצֹּאן׃ וַיֹּאמֶר אֶל־בְּנֹתָיו וְאַיּוֹ כ
לָמָּה זֶּה עֲזַבְתֶּן אֶת־הָאִישׁ קִרְאֶן לוֹ וְיֹאכַל לָחֶם׃ וַיּוֹאֶל 21
מֹשֶׁה לָשֶׁבֶת אֶת־הָאִישׁ וַיִּתֵּן אֶת־צִפֹּרָה בִתּוֹ לְמֹשֶׁה׃
וַתֵּלֶד בֵּן וַיִּקְרָא אֶת־שְׁמוֹ גֵּרְשֹׁם כִּי אָמַר גֵּר הָיִיתִי 22
בְּאֶרֶץ נָכְרִיָּה׃ פ
וַיְהִי בַיָּמִים הָרַבִּים הָהֵם וַיָּמָת מֶלֶךְ מִצְרַיִם וַיֵּאָנְחוּ בְנֵי־ 23
יִשְׂרָאֵל מִן־הָעֲבֹדָה וַיִּזְעָקוּ וַתַּעַל שַׁוְעָתָם אֶל־הָאֱלֹהִים מִן־
הָעֲבֹדָה׃ וַיִּשְׁמַע אֱלֹהִים אֶת־נַאֲקָתָם וַיִּזְכֹּר אֱלֹהִים אֶת־ 24
בְּרִיתוֹ אֶת־אַבְרָהָם אֶת־יִצְחָק וְאֶת־יַעֲקֹב׃ וַיַּרְא אֱלֹהִים כה
אֶת־בְּנֵי יִשְׂרָאֵל וַיֵּדַע אֱלֹהִים׃ ס

ג ג

וּמֹשֶׁה הָיָה רֹעֶה אֶת־צֹאן יִתְרוֹ חֹתְנוֹ כֹּהֵן מִדְיָן וַיִּנְהַג א
אֶת־הַצֹּאן אַחַר הַמִּדְבָּר וַיָּבֹא אֶל־הַר הָאֱלֹהִים חֹרֵבָה׃
וַיֵּרָא מַלְאַךְ יְהוָה אֵלָיו בְּלַבַּת־אֵשׁ מִתּוֹךְ הַסְּנֶה וַיַּרְא 2
וְהִנֵּה הַסְּנֶה בֹּעֵר בָּאֵשׁ וְהַסְּנֶה אֵינֶנּוּ אֻכָּל׃ וַיֹּאמֶר מֹשֶׁה 3
אָסֻרָה־נָּא וְאֶרְאֶה אֶת־הַמַּרְאֶה הַגָּדֹל הַזֶּה מַדּוּעַ לֹא־

אזוי האט ער דעם מצרי דערשלאגען
אונד ער האט איהם באהאלטען אין דעם
זאנד: 13 אונד ווען ער איז ארויסגעגאנ־
גען דעם אנדערן טאג, אונד נון צווייא
מענער עברים האבען זיך געקריגט, אונד
ער האט געזאגט צו דעם רשע, פאר־
וואס שלאגסט דוא דיין חבר? 14 אונד
ער האט געזאגט, ווער האט דיך געמאכט
פאר א מאן, א פירשט אונד א ריכטער
איבער אונס? מיינסט דוא מיך צו דער־
שלאגען, אזוי וויא דוא האסט דערשלאגען
דעם מצרי? אונד משה האט זיך גע־
פארכטען, אונד ער האט געזאגט, באמת
דיא זאך איז בעקאנט געווארען: 15 אונד
ווען פרעה האט געהערט דיא דאזיגע זאך,
אזוי האט ער געוואלט משה'ן הארג'נען,
אונד משה איז אנטלאפען פאר פרעה,
אונד ער האט געוואוינט אין דעם לאנד
מדין, אונד ער האט זיך געזעצט בייא
א ברונען: 16 אונד צו דעם כהן פון
מדין זענען געוועזען זיבען טעכטער, אונד
זייא זענען געקומען, אונד זייא האבען
אנגעשעפט, אונד האבען אנגעפילט
דיא קאריטעם אנצוטרינקען זייער פא־
טער'ס שאף: 17 אונד דיא פאסטוכער
זענען געקומען אונד זייא האבען זייא פארטריבען, אונד משה איז אויפגעשטאנען
אונד ער האט זייא געהאלפען, אונד ער האט אנגעטרונקען זייערע שאף:
18 אונד זייא זענען געקומען צו זייער פאטער רעואל, אונד ער האט געזאגט, וואדום
זענט איהר היינט אזוי געשווינד געקומען? 19 אונד זייא האבען געזאגט, א מאן, א
מצרי, האט אונס מציל געוועזען פון דיא הענד פון דיא פאסטוכער, אונד ער האט
פאר אונס אנגעשעפט, אונד ער האט אנגעטרונקען דיא שאף: 20 אונד ער האט
געזאגט צו זיינע טעכטער, אונד וואו איז ער? פארוואס האט איהר דעם מאן
פערלאזט? רופט איהם אז ער זאל עסען ברויט: 21 אונד משה האט בעוויליגט צו
וואוינען בייא דעם מאן, אונד ער האט געגעבען זיינע טאכטער צפרה צו משה:
22 אונד זיא האט געווינען א זוהן אונד ער האט גערופען זיין נאמען גרשם, וויל ער
האט געזאגט, איך בין געווארען א גר אין א פרעמד לאנד:

23 אונד עס איז געוועזען אין דיא דאזיגע פילע טעג, אזוי איז דער קעניג פון מצרים
געשטארבען, אונד דיא קינדער ישראל האבען געזיפצט וועגען דעם דינסט, אונד
זייא האבען געשריגען, אונד זייער געשרייא איז ארויפגעגאנגען צו גאט וועגען דעם
דינסט: 24 אונד גאט האט געהערט זייער געשרייא, אונד גאט האט געדענקט זיין
ברית מיט אברהם, מיט יצחק, אונד מיט יעקב: 25 אונד גאט האט אנגעזעהען דיא
קינדער ישראל, אונד גאט האט דערקענט:

קאפיטעל ג

1 אונד משה האט געהיט דיא שאף פון זיין שוועהר יתרו, כהן פון מדין,
אונד ער האט געפיהרט דיא שאף הינטער דער מדבר אונד ער איז געקומען
צו דעם בארג פון גאט קיין חרב: 2 אונד דער מלאך פון גאט האט זיך צו איהם
באוויזען אין א פלאם פון פייער, פון צווישען דעם דארנבוש, אונד ער האט געזעהען,
אונד נון דער דארנבוש האט געברענט מיט פייער, אונד דער דארנבוש איז ניט
פערברענט געווארען: 3 אונד משה האט געזאגט, איך וויל נון אפקעהרען,
אונד איך וועל זעהען דיא דאזיגע גרויסע ערשיינונג, פארוואס דער

4 יִבְעַר הַסְּנֶה: וַיַּרְא יְהוָה כִּי סָר לִרְאוֹת וַיִּקְרָא אֵלָיו
אֱלֹהִים מִתּוֹךְ הַסְּנֶה וַיֹּאמֶר מֹשֶׁה מֹשֶׁה וַיֹּאמֶר הִנֵּנִי:
ה וַיֹּאמֶר אַל־תִּקְרַב הֲלֹם שַׁל־נְעָלֶיךָ מֵעַל רַגְלֶיךָ כִּי הַמָּקוֹם
6 אֲשֶׁר אַתָּה עוֹמֵד עָלָיו אַדְמַת־קֹדֶשׁ הוּא: וַיֹּאמֶר אָנֹכִי
אֱלֹהֵי אָבִיךָ אֱלֹהֵי אַבְרָהָם אֱלֹהֵי יִצְחָק וֵאלֹהֵי יַעֲקֹב
7 וַיַּסְתֵּר מֹשֶׁה פָּנָיו כִּי יָרֵא מֵהַבִּיט אֶל־הָאֱלֹהִים: וַיֹּאמֶר
יְהוָה רָאֹה רָאִיתִי אֶת־עֳנִי עַמִּי אֲשֶׁר בְּמִצְרָיִם וְאֶת־
צַעֲקָתָם שָׁמַעְתִּי מִפְּנֵי נֹגְשָׂיו כִּי יָדַעְתִּי אֶת־מַכְאֹבָיו:
8 וָאֵרֵד לְהַצִּילוֹ ׀ מִיַּד מִצְרַיִם וּלְהַעֲלֹתוֹ מִן־הָאָרֶץ הַהִוא
אֶל־אֶרֶץ טוֹבָה וּרְחָבָה אֶל־אֶרֶץ זָבַת חָלָב וּדְבָשׁ אֶל־
מְקוֹם הַכְּנַעֲנִי וְהַחִתִּי וְהָאֱמֹרִי וְהַפְּרִזִּי וְהַחִוִּי וְהַיְבוּסִי:
9 וְעַתָּה הִנֵּה צַעֲקַת בְּנֵי־יִשְׂרָאֵל בָּאָה אֵלָי וְגַם־רָאִיתִי אֶת־
י הַלַּחַץ אֲשֶׁר מִצְרַיִם לֹחֲצִים אֹתָם: וְעַתָּה לְכָה וְאֶשְׁלָחֲךָ
11 אֶל־פַּרְעֹה וְהוֹצֵא אֶת־עַמִּי בְנֵי־יִשְׂרָאֵל מִמִּצְרָיִם: וַיֹּאמֶר
מֹשֶׁה אֶל־הָאֱלֹהִים מִי אָנֹכִי כִּי אֵלֵךְ אֶל־פַּרְעֹה וְכִי
12 אוֹצִיא אֶת־בְּנֵי יִשְׂרָאֵל מִמִּצְרָיִם: וַיֹּאמֶר כִּי־אֶהְיֶה
עִמָּךְ וְזֶה־לְּךָ הָאוֹת כִּי אָנֹכִי שְׁלַחְתִּיךָ בְּהוֹצִיאֲךָ אֶת־
הָעָם מִמִּצְרַיִם תַּעַבְדוּן אֶת־הָאֱלֹהִים עַל הָהָר הַזֶּה:
13 וַיֹּאמֶר מֹשֶׁה אֶל־הָאֱלֹהִים הִנֵּה אָנֹכִי בָא אֶל־בְּנֵי יִשְׂרָאֵל
וְאָמַרְתִּי לָהֶם אֱלֹהֵי אֲבוֹתֵיכֶם שְׁלָחַנִי אֲלֵיכֶם וְאָמְרוּ־לִי
14 מַה־שְּׁמוֹ מָה אֹמַר אֲלֵהֶם: וַיֹּאמֶר אֱלֹהִים אֶל־מֹשֶׁה אֶהְיֶה
אֲשֶׁר אֶהְיֶה וַיֹּאמֶר כֹּה תֹאמַר לִבְנֵי יִשְׂרָאֵל אֶהְיֶה שְׁלָחַנִי
טו אֲלֵיכֶם: וַיֹּאמֶר עוֹד אֱלֹהִים אֶל־מֹשֶׁה כֹּה תֹאמַר אֶל־
בְּנֵי יִשְׂרָאֵל יְהוָה אֱלֹהֵי אֲבֹתֵיכֶם אֱלֹהֵי אַבְרָהָם אֱלֹהֵי
יִצְחָק וֵאלֹהֵי יַעֲקֹב שְׁלָחַנִי אֲלֵיכֶם זֶה־שְּׁמִי לְעֹלָם וְזֶה
16 זִכְרִי לְדֹר דֹּר: לֵךְ וְאָסַפְתָּ אֶת־זִקְנֵי יִשְׂרָאֵל וְאָמַרְתָּ
אֲלֵהֶם יְהוָה אֱלֹהֵי אֲבֹתֵיכֶם נִרְאָה אֵלַי אֱלֹהֵי אַבְרָהָם

דאָרנבּוּש פערבּרענט ניט: 4 אוּנד װען גאָט האָט געזעהען אַז ער האָט אָפּגעקעהרט צוּ זעהען, אַזוֹי האָט גאָט גערוּפען צוּ איהם פוּן צװישען דעם דאָרנבּוּש, אוּנד ער האָט געזאָגט, משה, משה! אוּנד ער האָט געזאָגט היר בּין איך: 5 אוּנד ער האָט געזאָגט, דוּא זאָלסט ניט אַהער גענעהענען, ציה אָפּ דײנע שיך פוּן דײנע פיס, װאָרין דער אָרט װאוּ דוּא שטײסט דרױף איז הײליגעם לאַנד: 6 אוּנד ער האָט געזאָגט, איך בּין דער גאָט פוּן דײנע פעטער, דער גאָט פוּן אַבְרָהָם, דער גאָט פוּן יִצְחָק, אוּנד דער גאָט פוּן יַעֲקֹב. אוּנד משה האָט באַהאַלטען זײן פּנים, װײל ער האָט זיך געפאָרכטען צוּ קוּקען אױף גאָט: 7 אוּנד גאָט האָט געזאָגט, איך האָב געװיס געזעהען דיא פּײן פוּן מײן פאָלק װאָס איז אין מִצְרַיִם, אוּנד זײער געשרײא האָב איך געהערט פוּן װעגען זײערע פּלאָגערס, װאָרין איך האָב דערקענט זײערע װײטוּנגען: 8 אוּנד איך האָב אַראָפּגענידערט איהם מַציל צוּ זײן פוּן דיא האַנד פוּן מִצְרַיִם, אוּנד איהם אַרױף צוּ בּרענגען פוּן דעמזעלבּיגען לאַנד, צוּ אַ גוּט אוּנד בּרײט לאַנד, צוּ אַ לאַנד װאָס פליסט מיט מילך אוּנד האָניג, צוּ דעם אָרט פוּן דעם כְּנַעֲנִי, אוּנד דעם חִתִּי, אוּנד דעם אֱמֹרִי, אוּנד דעם פְּרִזִּי, אוּנד דעם חִוִּי, אוּנד דעם יְבוּסִי: 9 אוּנד אַצוּנד זעה, דאָס געשרײא פוּן דיא קינדער יִשְׂרָאֵל איז צוּ מיר געקוּמען אוּנד איך האָב אױך געזעהען דאָס צװינגען מיט װאָס דיא מִצְרִים צװינגען זײא: 10 אוּנד אַצוּנד גײא, אוּנד איך װעל דיך שיקען צוּ פַּרְעֹה, אוּנד פיהר אַרױס מײן פאָלק, דיא קינדער יִשְׂרָאֵל אױס מִצְרַיִם: 11 אוּנד משה האָט געזאָגט צוּ גאָט, װער בּין איך, אַז איך זאָל גײן צוּ פַּרְעֹה, אוּנד אַז איך זאָל אַרױספיהרען דיא קינדער יִשְׂרָאֵל אױס מִצְרַיִם? 12 אוּנד ער האָט געזאָגט, איך װעל געװיס זײן מיט דיר, אוּנד דאָס דאָזיגע זאָל זײן דאָס צײכען צוּ דיר אַז איך האָב דיך געשיקט, װען דוּא װעסט אַרױספיהרען דאָס פאָלק אױס מִצְרַיִם אַזױ װעט איהר גאָט דינען אױף דעם דאָזיגען בּאַרג: 13 אוּנד משה האָט געזאָגט צוּ גאָט, זעה, װען איך װעל קוּמען צוּ דיא קינדער יִשְׂרָאֵל, אוּנד איך װעל צוּ זײא זאָגען, דער גאָט פוּן אײערע פעטער האָט מיך צוּ אײך געשיקט, אוּנד זײא װעלען צוּ מיר זאָגען, װאָס איז זײן נאָמען? װאָס זאָל איך צוּ זײא זאָגען? 14 אוּנד גאָט האָט געזאָגט צוּ משה (אֶהְיֶה אֲשֶׁר אֶהְיֶה) איך װעל זײן װער איך װעל זײן, אוּנד ער האָט געזאָגט אַזױ זאָלסט דוּא זאָגען צוּ דיא קינדער יִשְׂרָאֵל, אֶהְיֶה האָט מיך צוּ אײך געשיקט: 15 אוּנד גאָט האָט נאָכאַמאָל געזאָגט צוּ משה, אַזױ זאָלסט דוּא זאָגען צוּ דיא קינדער יִשְׂרָאֵל, דער האַר גאָט פוּן אײערע פעטער, גאָט פוּן אַבְרָהָם, גאָט פוּן יִצְחָק, אוּנד גאָט פוּן יַעֲקֹב האָט מיך צוּ אײך געשיקט, דער דאָזיגער איז מײן נאָמען צוּ אײבּיגקײט, אוּנד דער דאָזיגער איז מײן געדעכטניס־נאָמען צוּ יעדען דוֹר: 16 גײא, אוּנד דוּא זאָלסט אײנזאַמלען דיא עלצטע פוּן יִשְׂרָאֵל, אוּנד דוּא זאָלסט צוּ זײא זאָגען, דער גאָט פוּן אײערע פעטער האָט זיך צוּ מיר בּאַװיזען, גאָט פוּן

אברהם

יִצְחָק וְיַעֲקֹב לֵאמֹר פָּקֹד פָּקַדְתִּי אֶתְכֶם וְאֶת־הֶעָשׂוּי
17 לָכֶם בְּמִצְרָיִם׃ וָאֹמַר אַעֲלֶה אֶתְכֶם מֵעֳנִי מִצְרַיִם אֶל־
אֶרֶץ הַכְּנַעֲנִי וְהַחִתִּי וְהָאֱמֹרִי וְהַפְּרִזִּי וְהַחִוִּי וְהַיְבוּסִי אֶל־
18 אֶרֶץ זָבַת חָלָב וּדְבָשׁ׃ וְשָׁמְעוּ לְקֹלֶךָ וּבָאתָ אַתָּה וְזִקְנֵי
יִשְׂרָאֵל אֶל־מֶלֶךְ מִצְרַיִם וַאֲמַרְתֶּם אֵלָיו יְהוָה אֱלֹהֵי
הָעִבְרִיִּים נִקְרָה עָלֵינוּ וְעַתָּה נֵלְכָה־נָּא דֶּרֶךְ שְׁלֹשֶׁת יָמִים
19 בַּמִּדְבָּר וְנִזְבְּחָה לַיהוָה אֱלֹהֵינוּ׃ וַאֲנִי יָדַעְתִּי כִּי לֹא־יִתֵּן
20 אֶתְכֶם מֶלֶךְ מִצְרַיִם לַהֲלֹךְ וְלֹא בְּיָד חֲזָקָה׃ וְשָׁלַחְתִּי
אֶת־יָדִי וְהִכֵּיתִי אֶת־מִצְרַיִם בְּכֹל נִפְלְאֹתַי אֲשֶׁר אֶעֱשֶׂה
21 בְּקִרְבּוֹ וְאַחֲרֵי־כֵן יְשַׁלַּח אֶתְכֶם׃ וְנָתַתִּי אֶת־חֵן הָעָם־
הַזֶּה בְּעֵינֵי מִצְרָיִם וְהָיָה כִּי תֵלֵכוּן לֹא תֵלְכוּ רֵיקָם׃
22 וְשָׁאֲלָה אִשָּׁה מִשְּׁכֶנְתָּהּ וּמִגָּרַת בֵּיתָהּ כְּלֵי־כֶסֶף וּכְלֵי
זָהָב וּשְׂמָלֹת וְשַׂמְתֶּם עַל־בְּנֵיכֶם וְעַל־בְּנֹתֵיכֶם וְנִצַּלְתֶּם
אֶת־מִצְרָיִם׃

ד

א וַיַּעַן מֹשֶׁה וַיֹּאמֶר וְהֵן לֹא־יַאֲמִינוּ לִי וְלֹא יִשְׁמְעוּ בְּקֹלִי
2 כִּי יֹאמְרוּ לֹא־נִרְאָה אֵלֶיךָ יְהוָה׃ וַיֹּאמֶר אֵלָיו יְהוָה מַזֶּה
3 בְיָדֶךָ וַיֹּאמֶר מַטֶּה׃ וַיֹּאמֶר הַשְׁלִיכֵהוּ אַרְצָה וַיַּשְׁלִכֵהוּ
4 אַרְצָה וַיְהִי לְנָחָשׁ וַיָּנָס מֹשֶׁה מִפָּנָיו׃ וַיֹּאמֶר יְהוָה אֶל־
מֹשֶׁה שְׁלַח יָדְךָ וֶאֱחֹז בִּזְנָבוֹ וַיִּשְׁלַח יָדוֹ וַיַּחֲזֶק בּוֹ וַיְהִי
5 לְמַטֶּה בְּכַפּוֹ׃ לְמַעַן יַאֲמִינוּ כִּי־נִרְאָה אֵלֶיךָ יְהוָה אֱלֹהֵי
6 אֲבֹתָם אֱלֹהֵי אַבְרָהָם אֱלֹהֵי יִצְחָק וֵאלֹהֵי יַעֲקֹב׃ וַיֹּאמֶר
יְהוָה לוֹ עוֹד הָבֵא־נָא יָדְךָ בְּחֵיקֶךָ וַיָּבֵא יָדוֹ בְּחֵיקוֹ
7 וַיּוֹצִאָהּ וְהִנֵּה יָדוֹ מְצֹרַעַת כַּשָּׁלֶג׃ וַיֹּאמֶר הָשֵׁב יָדְךָ אֶל־
חֵיקֶךָ וַיָּשֶׁב יָדוֹ אֶל־חֵיקוֹ וַיּוֹצִאָהּ מֵחֵיקוֹ וְהִנֵּה־שָׁבָה
8 כִּבְשָׂרוֹ׃ וְהָיָה אִם־לֹא יַאֲמִינוּ לָךְ וְלֹא יִשְׁמְעוּ לְקֹל הָאֹת
9 הָרִאשׁוֹן וְהֶאֱמִינוּ לְקֹל הָאֹת הָאַחֲרוֹן׃ וְהָיָה אִם־לֹא

אברהם, פון יצחק אונד פון יעקב אזוי
צו זאגען, איך האב געווים אן אייך
געדענקט אונד וואס עס ווערט צו אייך
געטהון אין מצרים: 17 אונד איך האב
געזאגט, איך וועל אייך ארויפברענגען
פון דיא פיין פון מצרים צו דעם לאנד
פון דעם כנעני אונד דעם חתי, אונד
דעם אמרי, אונד דעם פרזי אונד דעם
חוי, אונד דעם יבוסי, צו א לאנד וואס
פליסט מיט מילך אונד האניג: 18 אונד
זייא וועלען הערען צו דיין קול, אונד
דוא וועסט קומען, דוא אונד דיא עלצטע
פון ישראל צו דעם קעניג פון מצרים,
אונד איהר זאלט צו איהם זאגען, דער האר
גאט פון דיא עברים האט אונס בעגעגנעט,
אונד אצונד לאז אונס גיין א וועג פון
דרייא טעג רייז אין דער מדבר אונד
מיר וועלען מקריב זיין צו דעם האר
אונזער גאט: 19 אונד איך ווייס אז
דער קעניג פון מצרים וועט אייך ניט
לאזען גיין, ניט אמאל דורך א שטארקע
האנד: 20 אונד איך וועל אויסשטרעקען
מיינע האנד, אונד איך וועל שלאגען
מצרים מיט אלע מיינע וואונדער וואס איך
וועל טהון צווישען איהם אונד דערנאך
ווערט ער אייך אוועקשיקען: 21 אונד איך וועל געבען דעם דאזיגען פאלק חן אין דיא
אויגען פון דיא מצרים, אונד ווען איהר וועט אוועק גיין, זאלט איהר ניט ליידיג גיין:
22 אונד איטליכע פרויא זאל בארגען פון איהרע נאכבארין אונד פון דער איינוואוי־
נערין פון איהר הויז זילבערנע כלים אונד גאלדענע כלים אונד קליידער, אונד איהר
זאלט זייא אנטהון אויף אייערע זיהן אונד אויף אייערע טעכטער, אונד איהר וועט
מצרים אויסליידיגען:

## קאפיטעל ד

1 אונד משה האט געענטפערט אונד ער האט געזאגט, אונד נון זייא וועלען מיר ניט גלייבען, אונד זייא וועלען ניט הערען אויף מיין קול, וואריין זייא וועלען זאגען, גאט האט זיך ניט צו דיר באוויזען: 2 אונד גאט האט צו איהם געזאגט, וואס איז דאס דאזיגע אין דיינע האנד? אונד ער האט געזאגט, א שטעקען: 3 אונד ער האט געזאגט,ווארף איהם אויף דער ערד, אונד ער האט איהם אויף דער ערד געווארפען, אונד ער איז געווארען צו א שלאנג, אונד משה איז אנטלאפען פאר איהר: 4 אונד גאט האט געזאגט צו משה, שטרעק אויס דיינע האנד אונד נעם זיא אן בייא דעם שוואנץ, אונד ער האט זיינע האנד אויסגעשטרעקט אונד ער האט זיא אנגענומען, אונד עס איז געווארען צו א שטעקען אין זיינע האנד: 5 כדי זייא זאלען גלייבען אז דער האר גאט פון זיירע פעטער האט זיך צו דיר באוויזען, דער גאט פון אברהם, גאט פון יצחק אונד גאט פון יעקב: 6 אונד גאט האט נאכאמאל צו איהם געזאגט, שטעק דיינע האנד אריין אין דיין שוים, אונד ער האט זיינע האנד אריין געשטעקט אין זיין שוים, אונד ער האט זיא ארויסגעצויגען, אונד זעה זיינע האנד איז געוועזען קרעציג, גלייך אזוי וויא שנייא: 7 אונד ער האט געזאגט, קעהר ווידער דיינע האנד אין דיין שוים, אונד ער האט ווידערגעקעהרט זיינע האנד אין זיין שוים, אונד ווען ער האט זיא ארויסגעצויגען פון זיין שוים, אונד זעה איז זיא ווידער געווארען גלייך אזוי וויא זיין פלייש: 8 אונד עס וועט זיין ווען זייא וועלען דיר ניט גלייבען, אונד זייא וועלען ניט געהארכען צו דעם קול פון דעם ערשטען צייכען, אזוי וועלען זייא גלייבען צו דעם קול פון דעם לעצטען צייכען: 9 אונד עס וועט זיין ווען זייא וועלען אויך ניט

יַאֲמִינוּ גַּם לִשְׁנֵי הָאֹתוֹת הָאֵלֶּה וְלֹא יִשְׁמְעוּן לְקֹלֶךָ
וְלָקַחְתָּ מִמֵּימֵי הַיְאֹר וְשָׁפַכְתָּ הַיַּבָּשָׁה וְהָיוּ הַמַּיִם אֲשֶׁר
י תִּקַּח מִן־הַיְאֹר וְהָיוּ לְדָם בַּיַּבָּשֶׁת׃ וַיֹּאמֶר מֹשֶׁה אֶל־
יְהוָה בִּי אֲדֹנָי לֹא אִישׁ דְּבָרִים אָנֹכִי גַּם מִתְּמוֹל גַּם
מִשִּׁלְשֹׁם גַּם מֵאָז דַּבֶּרְךָ אֶל־עַבְדֶּךָ כִּי כְבַד־פֶּה וּכְבַד
11 לָשׁוֹן אָנֹכִי׃ וַיֹּאמֶר יְהוָה אֵלָיו מִי שָׂם פֶּה לָאָדָם אוֹ
מִי־יָשׂוּם אִלֵּם אוֹ חֵרֵשׁ אוֹ פִקֵּחַ אוֹ עִוֵּר הֲלֹא אָנֹכִי יְהוָה׃
12 וְעַתָּה לֵךְ וְאָנֹכִי אֶהְיֶה עִם־פִּיךָ וְהוֹרֵיתִיךָ אֲשֶׁר תְּדַבֵּר׃
13 14 וַיֹּאמֶר בִּי אֲדֹנָי שְׁלַח־נָא בְּיַד־תִּשְׁלָח׃ וַיִּחַר־אַף יְהוָה
בְּמֹשֶׁה וַיֹּאמֶר הֲלֹא אַהֲרֹן אָחִיךָ הַלֵּוִי יָדַעְתִּי כִּי־דַבֵּר
יְדַבֵּר הוּא וְגַם הִנֵּה־הוּא יֹצֵא לִקְרָאתֶךָ וְרָאֲךָ וְשָׂמַח
טו בְּלִבּוֹ׃ וְדִבַּרְתָּ אֵלָיו וְשַׂמְתָּ אֶת־הַדְּבָרִים בְּפִיו וְאָנֹכִי
אֶהְיֶה עִם־פִּיךָ וְעִם־פִּיהוּ וְהוֹרֵיתִי אֶתְכֶם אֵת אֲשֶׁר תַּעֲשׂוּן׃
16 וְדִבֶּר־הוּא לְךָ אֶל־הָעָם וְהָיָה הוּא יִהְיֶה־לְּךָ לְפֶה וְאַתָּה
17 תִּהְיֶה־לּוֹ לֵאלֹהִים׃ וְאֶת־הַמַּטֶּה הַזֶּה תִּקַּח בְּיָדֶךָ אֲשֶׁר
תַּעֲשֶׂה־בּוֹ אֶת־הָאֹתֹת׃ פ
18 וַיֵּלֶךְ מֹשֶׁה וַיָּשָׁב׀ אֶל־יֶתֶר חֹתְנוֹ וַיֹּאמֶר לוֹ אֵלְכָה נָּא
וְאָשׁוּבָה אֶל־אַחַי אֲשֶׁר־בְּמִצְרַיִם וְאֶרְאֶה הַעוֹדָם חַיִּים
19 וַיֹּאמֶר יִתְרוֹ לְמֹשֶׁה לֵךְ לְשָׁלוֹם׃ וַיֹּאמֶר יְהוָה אֶל־מֹשֶׁה
בְּמִדְיָן לֵךְ שֻׁב מִצְרָיִם כִּי־מֵתוּ כָּל־הָאֲנָשִׁים הַמְבַקְשִׁים
כ אֶת־נַפְשֶׁךָ׃ וַיִּקַּח מֹשֶׁה אֶת־אִשְׁתּוֹ וְאֶת־בָּנָיו וַיַּרְכִּבֵם
עַל־הַחֲמֹר וַיָּשָׁב אַרְצָה מִצְרָיִם וַיִּקַּח מֹשֶׁה אֶת־מַטֵּה
21 הָאֱלֹהִים בְּיָדוֹ׃ וַיֹּאמֶר יְהוָה אֶל־מֹשֶׁה בְּלֶכְתְּךָ לָשׁוּב
מִצְרַיְמָה רְאֵה כָּל־הַמֹּפְתִים אֲשֶׁר־שַׂמְתִּי בְיָדֶךָ וַעֲשִׂיתָם
לִפְנֵי פַרְעֹה וַאֲנִי אֲחַזֵּק אֶת־לִבּוֹ וְלֹא יְשַׁלַּח אֶת־הָעָם׃
22 וְאָמַרְתָּ אֶל־פַּרְעֹה כֹּה אָמַר יְהוָה בְּנִי בְכֹרִי יִשְׂרָאֵל׃
23 וָאֹמַר אֵלֶיךָ שַׁלַּח אֶת־בְּנִי וְיַעַבְדֵנִי וַתְּמָאֵן לְשַׁלְּחוֹ הִנֵּה אָנֹכִי
24 הֹרֵג אֶת־בִּנְךָ בְּכֹרֶךָ׃ וַיְהִי בַדֶּרֶךְ בַּמָּלוֹן וַיִּפְגְּשֵׁהוּ יְהוָה

גְלֵייבֶּען צוּ דִיא דָאזִיגֶע צְווַייא צֵייכֶען, אוּנְד זַייא ווֶעלֶען נִיט הָארְכֶען צוּ דֵיין קוֹל, אַזוֹי זָאלְסְט דוּא נֶעמֶען פוּן דִיא וַואסֶער פוּן דֶעם שְׁטְרָאם, אוּנְד דוּא זָאלְסְט אוֹיסְגִיסֶען אוֹיף דִיא טְרוּקֶענִיים אוּנְד דִיא וַואסֶער וָואס דוּא ווֶעסְט נֶעמֶען פוּן דֶעם שְׁטְרָאם, ווֶעלֶען ווֶערֶען צוּ בְּלוּט אוֹיף דֶער טְרוּקֶענִיים: 10 אוּנְד מֹשֶׁה הָאט גֶעזָאגְט צוּ גָאט, אִיךְ בֶּעט, מֵיין הַאר, אִיךְ בִּין נִיט אַ מַאן פוּן ווֶערְטֶער, אוֹיךְ נִיט פוּן נֶעכְטֶען אוֹיךְ נִיט פוּן אֵייעֶרְנֶעכְטֶען, אוֹיךְ נִיט פוּן דֶענְצְמָאל אָן ווֶען דוּא הָאסְט גֶערֶעט מִיט דֵיין קְנֶעכְט, ווַייל אִיךְ בִּין שְׁווֶער פוּן מוֹיל אוּנְד שְׁווֶער פוּן צוּנְג: 11 אוּנְד גָאט הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט ווֶער הָאט גֶעמַאכְט אַ מוֹיל צוּ דֶעם מֶענְשׁ? אָדֶער ווֶער הָאט גֶעמַאכְט דֶעם שְׁטוּמֶען, אָדֶער דֶעם טוֹיבֶּען, אָדֶער דֶעם זֶעהֶענְדִיגֶען? אָדֶער דֶעם בְּלִינְדֶען? הָאבּ נִיט אִיךְ, גָאט? 12 אוּנְד אַצוּנְד גֵייא, אוּנְד אִיךְ ווֶעל זַיין מִיט דֵיין מוֹיל, אוּנְד אִיךְ ווֶעל דִיךְ לֶערְנֶען וָואס דוּא זָאלְסְט רֶעדֶען: 13 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ בֶּעט מֵיין הַאר, שִׁיק נוּן דוּרְךְ ווֶעמֶען דוּא ווִילְסְט שִׁיקֶען: 14 אוּנְד דֶער צָארְן פוּן גָאט הָאט דֶער־גְרִימְט קֶעגֶען מֹשֶׁה, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, אִיז נִיט אַהֲרֹן דֶער לֵוִי דֵיין בְּרוּדֶער? אִיךְ ווֵייס אַז עֶר קֶען גֶעווִיס רֶעדֶען, אוּנְד אוֹיךְ נוּן גֵייט עֶר אַרוֹיס דִיר אַנְטְקֶעגֶען, אוּנְד ווֶען עֶר ווֶעט דִיךְ זֶעהֶען אַזוֹי ווֶעט עֶר זִיךְ פְרֵייעֶן אִין זֵיין הַארְץ: 15 אוּנְד דוּא זָאלְסְט רֶעדֶען צוּ אִיהְם, אוּנְד דוּא זָאלְסְט טְהוּן דִיא ווֶערְטֶער אִין זֵיין מוֹיל, אוּנְד אִיךְ ווֶעל זַיין מִיט דֵיין מוֹיל אוּנְד מִיט זֵיין מוֹיל, אוּנְד אִיךְ ווֶעל אֵייךְ לֶערְנֶען וָואס אִיהְר זָאלְט טְהוּן: 16 אוּנְד עֶר זָאל רֶעדֶען פוּן דֵיינֶעטְווֶעגֶען צוּ דֶעם פָאלְק, אוּנְד עֶס ווֶעט זַיין, עֶר ווֶעט זַיין צוּ דִיר צוּ אַ מוֹיל אוּנְד דוּא ווֶעסְט זַיין צוּ אִיהְם אַנְשְׁטָאט גָאט: 17 אוּנְד דֶעם דָאזִיגֶען שְׁטֶעקֶען זָאלְסְט דוּא נֶעמֶען אִין דֵיינֶע הַאנְד, וָואס דוּא זָאלְסְט טְהוּן מִיט אִיהְם דִיא צֵייכֶען:

18 אוּנְד מֹשֶׁה אִיז גֶעגַאנְגֶען אוּנְד עֶר אִיז צוּרִיק גֶעקֶעהְרְט צוּ יִתְרוֹ זֵיין שְׁווֶעהְר אוּנְד עֶר הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, לָאז מִיךְ גֵיין, אִיךְ בֶּעט, אוּנְד אִיךְ ווֶעל ווִידֶערְקֶעהְרֶען צוּ מֵיינֶע בְּרִידֶער, וָואס זֶענֶען אִין מִצְרַיִם, אוּנְד אִיךְ ווֶעל זֶעהֶען אוֹיבּ זַייא לֶעבֶּען נָאךְ, אוּנְד יִתְרוֹ הָאט גֶעזָאגְט צוּ מֹשֶׁה, גֵייא בְּשָׁלוֹם: 19 אוּנְד גָאט הָאט גֶעזָאגְט צוּ מֹשֶׁה אִין מִדְיָן, גֵייא, קֶעהְר ווִידֶער קֵיין מִצְרַיִם, ווָארִין אַלֶע מֶענֶער זֶענֶען גֶעשְׁטָארְבֶּען וָואס הָאבֶּען גֶעטְרַאכְט נָאךְ דֵיין לֶעבֶּען: 20 אוּנְד מֹשֶׁה הָאט גֶענוּמֶען זֵיין ווַייבּ אוּנְד זֵיינֶע זִיהְן, אוּנְד עֶר הָאט זַייא גֶעמַאכְט רֵייטֶען אוֹיף דֶעם אֵייזֶעל, אוּנְד עֶר אִיז צוּרִיק גֶעקֶעהְרְט צוּ דֶעם לַאנְד מִצְרַיִם, אוּנְד מֹשֶׁה הָאט גֶענוּמֶען דֶעם שְׁטֶעקֶען פוּן גָאט אִין זֵיינֶע הַאנְד: 21 אוּנְד גָאט הָאט גֶעזָאגְט צוּ מֹשֶׁה, ווֶען דוּא גֵייסְט צוּרִיק צוּ קֶעהְרֶען קֵיין מִצְרַיִם, זֶעה אַלֶע ווְאוּנְדֶער וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעטְהוּן אִין דֵיינֶע הַאנְד, אַז דוּא זָאלְסְט זֵייא טְהוּן פַאר פַּרְעֹה, אוּנְד אִיךְ ווֶעל הַארְט מַאכֶען זֵיין הַארְץ, אוּנְד עֶר ווֶעט דָאס פָאלְק נִיט אַוֶועקְשִׁיקֶען: 22 אוּנְד דוּא זָאלְסְט זָאגֶען צוּ פַּרְעֹה, אַזוֹי הָאט גָאט גֶעזָאגְט, מֵיין זוּהְן מֵיין בְּכוֹר, אִיז יִשְׂרָאֵל: 23 אוּנְד אִיךְ זָאג צוּ דִיר, שִׁיק אַוֶועק מֵיין זוּהְן, אַז עֶר זָאל מִיר דִינֶען, אוּנְד ווֶען דוּא ווֶעסְט אִיהְם נִיט ווֶעלֶען אַוֶועקְשִׁיקֶען, זֶעה אַזוֹי ווֶעל אִיךְ דֶערְשְׁלָאגֶען דֵיין זוּהְן דֵיין בְּכוֹר: 24 אוּנְד עֶס אִיז גֶעווֶעזֶען אוֹיף דֶעם ווֶעג אִין דֶער נַאכְטְהֶערְבֶּערְגֶע, אַזוֹי הָאט אִיהְם גָאט בֶּעגֶעגֶענְט,

אוּנד

אוּנְד עֶר הָאט בֶּעגֶעהְרְט אִיהְם צוּ טֵייטֶען:
25 אוּנְד צִפּוֹרָה הָאט גֶענוּמֶען אַ שְׁטֵיין
אוּנְד זִיא הָאט בֶּעשְׁנִיטֶען דִיא פָאְרְהוֹיט
(עָרְלָה) פוּן אִיהְר זוּהְן, אוּנְד זִיא הָאט
גֶעוָוארְפֶען צוּ זֵיינֶע פִיס, אוּנְד זִיא הָאט
גֶעזָאגְט, דֶען אַ בְּלוּט שׁוּלְדִיגֶער בִּיסְט
דוּא צוּ מִיר: 26 אוּנְד עֶר הָאט אָבְּגֶע־
לָאזְט פוּן אִיהְם, דֶענְצְמָאל הָאט זִיא
גֶעזָאגְט, אַ בְּלוּט שׁוּלְדִיגֶער פוּן וֶועגֶען
דֶער בֶּעשְׁנֵיידוּנְג (מִלָה):

27 אוּנְד גָאט הָאט גֶעזָאגְט צוּ אַהֲרֹן,
גֵייא עֶנְטְקֶעגֶען מֹשֶׁה צוּ דֶער מִדְבָּר
אוּנְד עֶר אִיז גֶעגַאנְגֶען, אוּנְד עֶר הָאט
אִיהְם בֶּעגֶעגְנֶעט אוֹיף דֶעם בַּארְג פוּן
גָאט, אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם גֶעקִישְׁט:
28 אוּנְד מֹשֶׁה הָאט אָנְגֶעזָאגְט צוּ אַהֲרֹן
אַלֶע וֶוערְטֶער פוּן גָאט, וָואס עֶר הָאט
אִיהְם גֶעשִׁיקְט, אוּנְד אַלֶע צֵייכֶען וָואס
עֶר הָאט אִיהְם גֶעבָּאטֶען: 29 אוּנְד מֹשֶׁה
אוּנְד אַהֲרֹן זֶענֶען גֶעגַאנְגֶען אוּנְד זֵייא
הָאבֶּען אֵיינְגֶעזַאמֶעלְט אַלֶע עֶלְצְטֶע פוּן
דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל: 30 אוּנְד אַהֲרֹן
הָאט גֶערֶעט אַלֶע וֶוערְטֶער וָואס גָאט
הָאט גֶערֶעט צוּ מֹשֶׁה, אוּנְד עֶר הָאט
גֶעטוּהְן דִיא צֵייכֶען פַאר דִיא אוֹיגֶען פוּן
דֶעם פָאלְק: 31 אוּנְד דָאס פָאלְק הָאט
גֶעגְלֵייבְּט, וֶוען זֵייא הָאבֶּען גֶעהֶערְט אַז גָאט הָאט גֶעדֶענְקְט אָן דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל,
אוּנְד אַז עֶר הָאט גֶעזֶעהֶען זֵייעֶר פֵּיין, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זִיךְ גֶענֵייגְט אוּנְד זֵייא הָאבֶּען
זִיךְ גֶעבּוּקְט:

כה וַיְבַקֵּשׁ הֲמִיתוֹ: וַתִּקַּח צִפֹּרָה צֹר וַתִּכְרֹת אֶת־עָרְלַת בְּנָהּ
26 וַתַּגַּע לְרַגְלָיו וַתֹּאמֶר כִּי חֲתַן־דָּמִים אַתָּה לִי: וַיִּרֶף מִמֶּנּוּ
אָז אָמְרָה חֲתַן דָּמִים לַמּוּלֹת: פ
27 וַיֹּאמֶר יְהוָה אֶל־אַהֲרֹן לֵךְ לִקְרַאת מֹשֶׁה הַמִּדְבָּרָה וַיֵּלֶךְ
28 וַיִּפְגְּשֵׁהוּ בְּהַר הָאֱלֹהִים וַיִּשַּׁק־לוֹ: וַיַּגֵּד מֹשֶׁה לְאַהֲרֹן
אֵת כָּל־דִּבְרֵי יְהוָה אֲשֶׁר שְׁלָחוֹ וְאֵת כָּל־הָאֹתֹת אֲשֶׁר
29 צִוָּהוּ: וַיֵּלֶךְ מֹשֶׁה וְאַהֲרֹן וַיַּאַסְפוּ אֶת־כָּל־זִקְנֵי בְּנֵי יִשְׂרָאֵל:
ל וַיְדַבֵּר אַהֲרֹן אֵת כָּל־הַדְּבָרִים אֲשֶׁר־דִּבֶּר יְהוָה אֶל־
31 מֹשֶׁה וַיַּעַשׂ הָאֹתֹת לְעֵינֵי הָעָם: וַיַּאֲמֵן הָעָם וַיִּשְׁמְעוּ כִּי־
פָקַד יְהוָה אֶת־בְּנֵי יִשְׂרָאֵל וְכִי רָאָה אֶת־עָנְיָם וַיִּקְּדוּ
וַיִּשְׁתַּחֲווּ:

ה ד

א וְאַחַר בָּאוּ מֹשֶׁה וְאַהֲרֹן וַיֹּאמְרוּ אֶל־פַּרְעֹה כֹּה־אָמַר
יְהוָה אֱלֹהֵי יִשְׂרָאֵל שַׁלַּח אֶת־עַמִּי וְיָחֹגּוּ לִי בַּמִּדְבָּר:
2 וַיֹּאמֶר פַּרְעֹה מִי יְהוָה אֲשֶׁר אֶשְׁמַע בְּקֹלוֹ לְשַׁלַּח אֶת־
יִשְׂרָאֵל לֹא יָדַעְתִּי אֶת־יְהוָה וְגַם אֶת־יִשְׂרָאֵל לֹא אֲשַׁלֵּחַ:
3 וַיֹּאמְרוּ אֱלֹהֵי הָעִבְרִים נִקְרָא עָלֵינוּ נֵלְכָה נָּא דֶּרֶךְ
שְׁלֹשֶׁת יָמִים בַּמִּדְבָּר וְנִזְבְּחָה לַיהוָה אֱלֹהֵינוּ פֶּן־יִפְגָּעֵנוּ
4 בַּדֶּבֶר אוֹ בֶחָרֶב: וַיֹּאמֶר אֲלֵהֶם מֶלֶךְ מִצְרַיִם לָמָּה מֹשֶׁה
וְאַהֲרֹן תַּפְרִיעוּ אֶת־הָעָם מִמַּעֲשָׂיו לְכוּ לְסִבְלֹתֵיכֶם:
ה וַיֹּאמֶר פַּרְעֹה הֵן־רַבִּים עַתָּה עַם הָאָרֶץ וְהִשְׁבַּתֶּם אֹתָם
6 מִסִּבְלֹתָם: וַיְצַו פַּרְעֹה בַּיּוֹם הַהוּא אֶת־הַנֹּגְשִׂים בָּעָם
7 וְאֶת־שֹׁטְרָיו לֵאמֹר: לֹא תֹאסִפוּן לָתֵת תֶּבֶן לָעָם לִלְבֹּן
הַלְּבֵנִים כִּתְמוֹל שִׁלְשֹׁם הֵם יֵלְכוּ וְקֹשְׁשׁוּ לָהֶם תֶּבֶן:
8 וְאֶת־מַתְכֹּנֶת הַלְּבֵנִים אֲשֶׁר הֵם עֹשִׂים תְּמוֹל שִׁלְשֹׁם
תָּשִׂימוּ עֲלֵיהֶם לֹא תִגְרְעוּ מִמֶּנּוּ כִּי־נִרְפִּים הֵם עַל־כֵּן
9 הֵם צֹעֲקִים לֵאמֹר נֵלְכָה נִזְבְּחָה לֵאלֹהֵינוּ: תִּכְבַּד הָעֲבֹדָה
י עַל־הָאֲנָשִׁים וְיַעֲשׂוּ־בָהּ וְאַל־יִשְׁעוּ בְּדִבְרֵי־שָׁקֶר: וַיֵּצְאוּ

## קאפיטעל ה

1 אוּנְד דֶערְנָאךְ זֶענֶען מֹשֶׁה אוּנְד אַהֲרֹן גֶעקוּמֶען, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט צוּ פַּרְעֹה,
אַזוֹי הָאט דֶער הַאר, גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל גֶעזָאגְט, שִׁיק אַוֶועק מֵיין פָאלְק, אַז זֵייא זָאלֶען
מַאכֶען אַ פֵייעֶרְטָאג צוּ מִיר אִין דֶער מִדְבָּר: 2 אוּנְד פַּרְעֹה הָאט גֶעזָאגְט, וֶוער אִיז
גָאט אַז אִיךְ זָאל הֶערֶען אוֹיף זֵיינֶע שְׁטִים אַוֶועק צוּ שִׁיקֶען יִשְׂרָאֵל? אִיךְ קֶען נִיט
גָאט, אוּנְד אִיךְ וֶועל אוֹיךְ נִיט יִשְׂרָאֵל אַוֶועקְשִׁיקֶען: 3 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט,
דֶער גָאט פוּן דִיא עִבְרִים הָאט אוּנְס בֶּעגֶעגְנֶט, לָאז אוּנְס נוּן גֵיין אַ וֶועג פוּן דְרֵייא
טֶעג רֵייז אִין דִיא מִדְבָּר אוּנְד מִיר וֶועלֶען אָפְּפֶערְן צוּ דֶעם הַאר אוּנְזֶער גָאט, טָאמֶער
וֶועט עֶר אוּנְס בֶּעגֶעגְנֶען מִיט דִיא פֶּעסְט, אָדֶער מִיט דֶעם שְׁוֶוערְט: 4 אוּנְד דֶער
קֶענִיג פוּן מִצְרַיִם הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, פַאר וָואס זָאלְט אִיהְר, מֹשֶׁה אוּנְד אַהֲרֹן
שְׁטֶערֶען דָאס פָאלְק פוּן זֵיינֶע אַרְבֵּייט, גֵייט צוּ אֵיירֶע לַאסְטֶען: 5 אוּנְד פַּרְעֹה הָאט
גֶעזָאגְט, נוּן אַצוּנְד דָאס פָאלְק פוּן דֶעם לַאנְד אִיז פִיל, אוּנְד אִיהְר מַאכְט זֵייא רוּהֶען
פוּן זֵייעֶרֶע לַאסְטֶען: 6 אוּנְד פַּרְעֹה הָאט גֶעבָּאטֶען אִין דֶעם זֶעלְבִּיגֶען טָאג דִיא
בֶּעצְוִוינְגֶערְס אוּנְטֶער דֶעם פָאלְק אוּנְד זֵיינֶע גֶעוֶועלְטִיגֶער, אַזוֹי צוּ זָאגֶען: 7 אִיהְר
זָאלְט נִיט מֶעהְר גֶעבֶּען קֵיין שְׁטְרוֹי צוּ דֶעם פָאלְק, צִיגֶעל צוּ מַאכֶען אַזוֹי וִויא נֶעכְטֶען
אוּנְד אֵייעֶרְנֶעכְטֶען, זֵייא זָאלֶען אַלֵיין גֵיין, אוּנְד זָאלֶען פַאר זִיךְ שְׁטְרוֹי זַאמֶעלְן:
8 אָבֶּער דִיא צָאל פוּן צִיגֶעל וָואס זֵייא הָאבֶּען גֶעמַאכְט נֶעכְטֶען אוּנְד אֵייעֶרְנֶעכְטֶען,
זָאלְט אִיהְר לֵייגֶען אוֹיף זֵייא אִיהְר זָאלְט נִיט פֶערְמִינְדֶערְן דַאפוּן, וֶוייל זֵייא זֶענֶען
נָאכְלֶעסִיג, דָארוּם שְׁרֵייעֶן זֵייא צוּ זָאגֶען, לָאז אוּנְס גֵיין מִיר וֶועלֶען אָפְּפֶערְן צוּ
אוּנְזֶער גָאט: 9 דֶער דִינְסְט זָאל שְׁוֶוער זֵיין אוֹיף דִיא מֶענֶער, אוּנְד זֵייא זָאלֶען
אַרְבֵּייטֶען דְרִינֶען, אַזוֹי וֶועלֶען זֵייא זִיךְ נִיט קֶערֶען צוּ פַאלְשֶׁע וֶוערְטֶער: 10 אוּנְד

לִשְׁנֵיהֶם לִשְׁנֵי הַמִּקְצֹעֹת יִהְיוּ׃ וְהָיוּ שְׁמֹנָה קְרָשִׁים כה
וְאַדְנֵיהֶם כֶּסֶף שִׁשָּׁה עָשָׂר אֲדָנִים שְׁנֵי אֲדָנִים תַּחַת
הַקֶּרֶשׁ הָאֶחָד וּשְׁנֵי אֲדָנִים תַּחַת הַקֶּרֶשׁ הָאֶחָד׃ וְעָשִׂיתָ 26
בְרִיחִם עֲצֵי שִׁטִּים חֲמִשָּׁה לְקַרְשֵׁי צֶלַע־הַמִּשְׁכָּן הָאֶחָד׃
וַחֲמִשָּׁה בְרִיחִם לְקַרְשֵׁי צֶלַע־הַמִּשְׁכָּן הַשֵּׁנִית וַחֲמִשָּׁה 27
בְרִיחִם לְקַרְשֵׁי צֶלַע הַמִּשְׁכָּן לַיַּרְכָתַיִם יָמָּה׃ וְהַבְּרִיחַ 28
הַתִּיכֹן בְּתוֹךְ הַקְּרָשִׁים מַבְרִחַ מִן־הַקָּצֶה אֶל־הַקָּצֶה׃
וְאֶת־הַקְּרָשִׁים תְּצַפֶּה זָהָב וְאֶת־טַבְּעֹתֵיהֶם תַּעֲשֶׂה זָהָב 29
בָּתִּים לַבְּרִיחִם וְצִפִּיתָ אֶת־הַבְּרִיחִם זָהָב׃ וַהֲקֵמֹתָ אֶת־ ל
הַמִּשְׁכָּן כְּמִשְׁפָּטוֹ אֲשֶׁר הָרְאֵיתָ בָּהָר׃ ס וְעָשִׂיתָ 31
פָרֹכֶת תְּכֵלֶת וְאַרְגָּמָן וְתוֹלַעַת שָׁנִי וְשֵׁשׁ מָשְׁזָר מַעֲשֵׂה
חֹשֵׁב יַעֲשֶׂה אֹתָהּ כְּרֻבִים׃ וְנָתַתָּה אֹתָהּ עַל־אַרְבָּעָה 32
עַמּוּדֵי שִׁטִּים מְצֻפִּים זָהָב וָוֵיהֶם זָהָב עַל־אַרְבָּעָה אַדְנֵי־
כָסֶף׃ וְנָתַתָּה אֶת־הַפָּרֹכֶת תַּחַת הַקְּרָסִים וְהֵבֵאתָ שָׁמָּה 33
מִבֵּית לַפָּרֹכֶת אֵת אֲרוֹן הָעֵדוּת וְהִבְדִּילָה הַפָּרֹכֶת לָכֶם
בֵּין הַקֹּדֶשׁ וּבֵין קֹדֶשׁ הַקֳּדָשִׁים׃ וְנָתַתָּ אֶת־הַכַּפֹּרֶת עַל 34
אֲרוֹן הָעֵדֻת בְּקֹדֶשׁ הַקֳּדָשִׁים׃ וְשַׂמְתָּ אֶת־הַשֻּׁלְחָן מִחוּץ לה
לַפָּרֹכֶת וְאֶת־הַמְּנֹרָה נֹכַח הַשֻּׁלְחָן עַל צֶלַע הַמִּשְׁכָּן תֵּימָנָה
וְהַשֻּׁלְחָן תִּתֵּן עַל־צֶלַע צָפוֹן׃ וְעָשִׂיתָ מָסָךְ לְפֶתַח הָאֹהֶל 36
תְּכֵלֶת וְאַרְגָּמָן וְתוֹלַעַת שָׁנִי וְשֵׁשׁ מָשְׁזָר מַעֲשֵׂה רֹקֵם׃
וְעָשִׂיתָ לַמָּסָךְ חֲמִשָּׁה עַמּוּדֵי שִׁטִּים וְצִפִּיתָ אֹתָם זָהָב וָוֵיהֶם 37
זָהָב וְיָצַקְתָּ לָהֶם חֲמִשָּׁה אַדְנֵי נְחֹשֶׁת׃ ס

כז

וְעָשִׂיתָ אֶת־הַמִּזְבֵּחַ עֲצֵי שִׁטִּים חָמֵשׁ אַמּוֹת אֹרֶךְ וְחָמֵשׁ א
אַמּוֹת רֹחַב רָבוּעַ יִהְיֶה הַמִּזְבֵּחַ וְשָׁלֹשׁ אַמּוֹת קֹמָתוֹ׃
וְעָשִׂיתָ קַרְנֹתָיו עַל אַרְבַּע פִּנֹּתָיו מִמֶּנּוּ תִּהְיֶיןָ קַרְנֹתָיו 2
וְצִפִּיתָ אֹתוֹ נְחֹשֶׁת׃ וְעָשִׂיתָ סִּירֹתָיו לְדַשְּׁנוֹ וְיָעָיו וּמִזְרְקֹתָיו 3

זייא בּיידע, זייא זָאלֶען זיין צוּ דיא צְווייא
ווינקֶעל: 25 אוּנְד זייא זָאלֶען זיין אַכְט
בְּרֶעטֶער אוּנְד זייעֶרע זילְבֶּערְנֶע שְׁוֶועל,
זֶעכְצֶעהְן שְׁוֶועל, צְווייא שְׁוֶועל אוּנְטֶער
איין בְּרֶעט, אוּנְד צְווייא שְׁוֶועל אוּנְטֶער
איין בְּרֶעט: 26 אוּנְד דוּא זָאלְסְט מַאכֶען
פִינְף רִיגֶעל פוּן שִׁטִּים־הָאלְץ צוּ דיא
בְּרֶעטֶער פוּן אֵיינֶע זייט פוּן דֶעם מִשְׁכָּן:
27 אוּנְד פִינְף רִיגֶעל צוּ דיא בְּרֶעטֶער
פוּן דיא אַנְדֶערֶע זייט פוּן דֶעם מִשְׁכָּן,
אוּנְד פִינְף רִיגֶעל צוּ דיא בְּרֶעטֶער פוּן
דיא זייט פוּן דֶעם מִשְׁכָּן צוּ דיא זייטֶען
קֶעגֶען מַעֲרָב: 28 אוּנְד דיא מִיטֶעלְסְטֶע
רִיגֶעל צְווישֶׁען דיא בְּרֶעטֶער זָאל רִיגֶעלְן
פוּן איין עֶק צוּם אַנְדֶערְן עֶק: 29 אוּנְד
דיא בְּרֶעטֶער זָאלְסְט דוּא אִיבֶּערְצִיהֶען
מִיט גָאלְד, אוּנְד זייעֶרע רִינְגֶען זָאלְסְט
דוּא מַאכֶען אוֹיס גָאלְד, הֵייזֶער צוּ דיא
רִיגֶעל, אוּנְד דוּא זָאלְסְט דיא רִיגֶעל
אִיבֶּערְצִיהֶען מִיט גָאלְד: 30 אוּנְד דוּא
זָאלְסְט אוֹיפְשְׁטֶעלֶען דָאס מִשְׁכָּן, גְלֵייךְ
אַזוֹי ווִיא זיין גֶערִיכְט וָואס אִיז דִיר גֶע־
וויזֶען גֶעוָוארֶען אוֹיף דֶעם בַּארְג: 31 אוּנְד דוּא זָאלְסְט מַאכֶען אַ פָּרֹכֶת, פוּן בְּלוֹי,
אוּנְד פוּרְפּוּר, אוּנְד קַארְמִיזִין אוּנְד גֶעצְווירְנְטֶע לֵיינֶען, קִינְסְטְלִיךְ ווֶערְק זָאל מֶען
זייא מַאכֶען מִיט כְּרוּבִים: 32 אוּנְד דוּא זָאלְסְט זייא לֵייגֶען אוֹיף שִׁטִּים־זֵיילֶען,
אִיבֶּערְצוֹיגֶען מִיט גָאלְד, זייעֶרע הֶעקֶעלֶעךְ זָאלֶען זיין גָאלְד, אוֹיף פִיעֶר זִילְבֶּערְנֶע
שְׁוֶועל: 33 אוּנְד דוּא זָאלְסְט הֶענְגֶען דיא פָּארְהֶענְג אוּנְטֶער דיא הֶעקֶעלֶעךְ, אוּנְד דוּא
זָאלְסְט דָארְט אַרֵיינְבְּרֶענְגֶען פוּן אִינְווֵיינִיג צוּ דֶעם פָּארְהַאנְג דֶעם קַאסְטֶען פוּן דֶעם
צֵייגְנִיס, אוּנְד דָאס פָּרֹכֶת זָאל אָפְּשֵׁיידֶען צוּ אֵייךְ צְווִישֶׁען קֹדֶשׁ אוּנְד צְווִישֶׁען קֹדֶשׁ
קָדָשִׁים: 34 אוּנְד דוּא זָאלְסְט לֵייגֶען דָאס אִיבֶּער־דֶעקֶעל (כַּפֹּרֶת) אִיבֶּער דֶעם
קַאסְטֶען פוּן דֶעם צֵייגְנִיס אִין דֶעם קֹדֶשׁ קָדָשִׁים: 35 אוּנְד דוּא זָאלְסְט שְׁטֶעלֶען דֶעם
טִישׁ אוֹיסֶענְווֵיינִיג פוּן דֶעם פָּרֹכֶת, אוּנְד דֶעם לֵייכְטֶער קֶעגֶענְאִיבֶּער דֶעם טִישׁ אוֹיף
דיא דָרוֹם־זֵייט פוּן דֶעם מִשְׁכָּן, אוּנְד דֶעם טִישׁ זָאלְסְט דוּא שְׁטֶעלֶען אוֹיף דיא
צָפוֹן־זֵייט: 36 אוּנְד דוּא זָאלְסְט מַאכֶען אַ דֶעק צוּ דיא טְהִיר, פוּן דֶעם גֶעצֶעלְט,
פוּן בְּלוֹי, אוּנְד פוּרְפּוּר, אוּנְד קַארְמִיזִין אוּנְד גֶעצְווירְנְטֶע לֵיינֶען, גֶעשְׁטִיקְט ווֶערְק:
37 אוּנְד דוּא זָאלְסְט מַאכֶען צוּ דֶער דֶעק פִינְף שִׁטִּים־זֵיילֶען, אוּנְד דוּא זָאלְסְט זייא
אִיבֶּערְצִיהֶען מִיט גָאלְד, זייעֶרע הֶעקֶעלֶעךְ זָאלֶען זיין גָאלְד, אוּנְד דוּא זָאלְסְט
צוּ זייא גִיסֶען פִינְף שְׁוֶועל פוּן קוּפֶּער:

## קאפיטעל כז

1 אוּנְד דוּא זָאלְסְט מַאכֶען דֶעם מִזְבֵּחַ פוּן שִׁטִּים־הָאלְץ, פִינְף אֵיילֶען דיא
לֶענְג אוּנְד פִינְף אֵיילֶען דיא בְּרֵייט, פִיעֶרעֶקֶעדִיג זָאל זיין דֶער מִזְבֵּחַ, אוּנְד
דְרֵייא אֵיילֶען זֵיינֶע הֵייךְ: 2 אוּנְד דוּא זָאלְסְט מַאכֶען זֵיינֶע הֶערְנֶער אוֹיף
זֵיינֶע פִיעֶר ווִינְקֶעל, פוּן אִיהְם זָאלֶען זיין זֵיינֶע הֶערְנֶער, אוּנְד דוּא זָאלְסְט
אִיהְם אִיבֶּערְצִיהֶען מִיט קוּפֶּער: 3 אוּנְד דוּא זָאלְסְט מַאכֶען זֵיינֶע טֶעפּ,
פַאר זֵיינֶע אֶשׁ, אוּנְד זֵיינֶע שׁוּפֶעלְן, אוּנְד זֵיינֶע שְׁפְּרֶענְג־בֶּעקֶען, אוּנְד זֵיינֶע

4 וּמִזְלְגֹתָיו וּמַחְתֹּתָיו לְכָל־כֵּלָיו תַּעֲשֶׂה נְחֹשֶׁת׃ וְעָשִׂיתָ
לּוֹ מִכְבָּר מַעֲשֵׂה רֶשֶׁת נְחֹשֶׁת וְעָשִׂיתָ עַל־הָרֶשֶׁת אַרְבַּע
ה טַבְּעֹת נְחֹשֶׁת עַל אַרְבַּע קְצוֹתָיו׃ וְנָתַתָּה אֹתָהּ תַּחַת
כַּרְכֹּב הַמִּזְבֵּחַ מִלְּמָטָּה וְהָיְתָה הָרֶשֶׁת עַד חֲצִי הַמִּזְבֵּחַ׃
6 וְעָשִׂיתָ בַדִּים לַמִּזְבֵּחַ בַּדֵּי עֲצֵי שִׁטִּים וְצִפִּיתָ אֹתָם נְחֹשֶׁת׃
7 וְהוּבָא אֶת־בַּדָּיו בַּטַּבָּעֹת וְהָיוּ הַבַּדִּים עַל־שְׁתֵּי צַלְעֹת
8 הַמִּזְבֵּחַ בִּשְׂאֵת אֹתוֹ׃ נְבוּב לֻחֹת תַּעֲשֶׂה אֹתוֹ כַּאֲשֶׁר
9 הֶרְאָה אֹתְךָ בָּהָר כֵּן יַעֲשׂוּ׃ ס וְעָשִׂיתָ אֵת חֲצַר
הַמִּשְׁכָּן לִפְאַת נֶגֶב־תֵּימָנָה קְלָעִים לֶחָצֵר שֵׁשׁ מָשְׁזָר
י מֵאָה בָאַמָּה אֹרֶךְ לַפֵּאָה הָאֶחָת׃ וְעַמֻּדָיו עֶשְׂרִים וְאַדְנֵיהֶם
11 עֶשְׂרִים נְחֹשֶׁת וָוֵי הָעַמֻּדִים וַחֲשֻׁקֵיהֶם כָּסֶף׃ וְכֵן לִפְאַת
צָפוֹן בָּאֹרֶךְ קְלָעִים מֵאָה אֹרֶךְ וְעַמֻּדָו עֶשְׂרִים וְאַדְנֵיהֶם
12 עֶשְׂרִים נְחֹשֶׁת וָוֵי הָעַמֻּדִים וַחֲשֻׁקֵיהֶם כָּסֶף׃ וְרֹחַב הֶחָצֵר
לִפְאַת־יָם קְלָעִים חֲמִשִּׁים אַמָּה עַמֻּדֵיהֶם עֲשָׂרָה וְאַדְנֵיהֶם
13 עֲשָׂרָה׃ וְרֹחַב הֶחָצֵר לִפְאַת קֵדְמָה מִזְרָחָה חֲמִשִּׁים
14 אַמָּה׃ וַחֲמֵשׁ עֶשְׂרֵה אַמָּה קְלָעִים לַכָּתֵף עַמֻּדֵיהֶם
טו שְׁלֹשָׁה וְאַדְנֵיהֶם שְׁלֹשָׁה׃ וְלַכָּתֵף הַשֵּׁנִית חֲמֵשׁ עֶשְׂרֵה
16 קְלָעִים עַמֻּדֵיהֶם שְׁלֹשָׁה וְאַדְנֵיהֶם שְׁלֹשָׁה׃ וּלְשַׁעַר הֶחָצֵר
מָסָךְ ׀ עֶשְׂרִים אַמָּה תְּכֵלֶת וְאַרְגָּמָן וְתוֹלַעַת שָׁנִי וְשֵׁשׁ
מָשְׁזָר מַעֲשֵׂה רֹקֵם עַמֻּדֵיהֶם אַרְבָּעָה וְאַדְנֵיהֶם אַרְבָּעָה׃
17 כָּל־עַמּוּדֵי הֶחָצֵר סָבִיב מְחֻשָּׁקִים כֶּסֶף וָוֵיהֶם כָּסֶף
18 וְאַדְנֵיהֶם נְחֹשֶׁת׃ אֹרֶךְ הֶחָצֵר מֵאָה בָאַמָּה וְרֹחַב ׀ חֲמִשִּׁים
בַּחֲמִשִּׁים וְקֹמָה חָמֵשׁ אַמּוֹת שֵׁשׁ מָשְׁזָר וְאַדְנֵיהֶם נְחֹשֶׁת׃
19 לְכֹל כְּלֵי הַמִּשְׁכָּן בְּכֹל עֲבֹדָתוֹ וְכָל־יְתֵדֹתָיו וְכָל־יִתְדֹת
הֶחָצֵר נְחֹשֶׁת׃

ס ס ס כ

כ וְאַתָּה תְּצַוֶּה ׀ אֶת־בְּנֵי יִשְׂרָאֵל וְיִקְחוּ אֵלֶיךָ שֶׁמֶן זַיִת זָךְ
21 כָּתִית לַמָּאוֹר לְהַעֲלֹת נֵר תָּמִיד׃ בְּאֹהֶל מוֹעֵד מִחוּץ

גאבעל, אונד זיינע פייער־פאנען, אלע כלים זאלסט דוא מאכען פון קופער: 4 אונד דוא זאלסט מאכען צו איהם איין געגיטער, נעץ ווערק פון קופער, אונד דוא זאלסט מאכען אויף דעם נעץ פיער רינגען פון קופער אויף זיינע פיער ווינקעל: 5 אונד דוא זאלסט זייא שטעלען אונטער דעם ראנד פון דעם מזבח פון אונטען, כדי דאס נעץ זאל זיין ביז צו דיא העלפט פון דעם מזבח: 6 אונד דוא זאלסט מאכען טראג־שטאנגען צו דעם מזבח, טראג־שטאנגען פון שטים־האלץ, אונד דוא זאלסט זייא איבערציהען מיט קופער: 7 אונד דיא טראג־שטאנגען זאלען אריינגעבראכט ווערען אין דיא רינגען, אונד דיא טראג־שטאנגען זאלען זיין אויף דיא צוויא זייטען פון דעם מזבח, ווען מען טראגט איהם: 8 דוא זאלסט איהם מאכען הויל פון ברעטער, גלייך אזוי וויא מען האט דיר געוויזען אויף דעם בארג, אזוי זאלען זייא עס מאכען: 9 אונד דוא זאלסט מאכען דעם פאר־הויף פון דעם משכן, אין דיא עק קעגען דרום־זייט, דיא אומהענג צו דעם פאר־הויף זאלען זיין געצווירנטע ליינען, הונדערט איילען דיא לענג פון איינע זייט: 10 אונד זיינע צוואנציג זיילען אונד זיירע צוואנציג שוועל פון קופער, דיא העקעלעך פון דיא זיילען אונד זיירע גורט־בענדער זאלען זין זילבער: 11 אונד אזוי אן דיא צפון־זייט אין דיא לענג, דיא אומהענג הונדערט איילען לאנג, אונד זיינע צוואנציג זיילען אונד זיירע צוואנציג שוועל פון קופער, דיא העקעלעך פון דיא זיילען אונד זיירע גורט־בענדער פון זילבער: 12 אונד דיאברייט פון דעם פאר־הויף צו דיא מערב־זייט, דיא אומהענג זאלען זיין פופציג איילען, זיינע צעהן זיילען אונד זיירע צעהן שוועל: 13 אונד דיא ברייט פון דעם פאר־הויף צו דיא מזרח־זייט פופציג איילען: 14 אונד פופצעהן איילען דיא אומהענג צו א זייל, זיינע דרייא זיילען אונד זיירע דרייא שוועל: 15 אונד צו דיא אנדערע זייט פופצעהן איילען דיא אומהענג, זיינע דרייא זיילען אונד זיירע דרייא שוועל: 16 אונד צו דעם טויער פון דעם פאר־הויף, א דעק פון צוואנציג איילען, פון בלוי, אונד פורפור, אונד קארמיזין אונד געצווירנטע ליינען, געשטיקט ווערק, זיירע פיער זיילען אונד זיינע פיער שוועל: 17 אלע זיילען פון דעם פאר־הויף רינגס־ארום, געגורט מיט זילבער, זיירע העקעלעך זילבער, אונד זיירע שוועל קופער: 18 דיא לענג פון דעם פאר־הויף זאל זיין הונדערט איילען, אונד דיא ברייט פופציג מיט פופציג, אונד דיא הייך פינף איילען, געצווירנטע ליינען, אונד זיירע שוועל קופער: 19 צו אלע כלים פון דעם משכן צו זיין גאנצען דינסט, אונד אלע זיינע נעגעל אונד אלע נעגעל פון דעם פאר־הויף פון קופער:

## תצוה

20 אונד דוא זאלסט געביטען דיא קינדער ישראל, אז זייא זאלען נעמען צו דיר ריינעם בוים־איל געשטויסען, צו דיא לייכטונג, דיא לאמפע בעשטענדיג אנצוצינדען: 21 אין דעם געצעלט פון דיא פערזאמלונג אויסענווייניג פון דעם

פארהאנג

לְפָרֹכֶת אֲשֶׁר עַל־הָעֵדֻת יַעֲרֹךְ אֹתוֹ אַהֲרֹן וּבָנָיו מֵעֶרֶב עַד־
בֹּקֶר לִפְנֵי יְהוָה חֻקַּת עוֹלָם לְדֹרֹתָם מֵאֵת בְּנֵי יִשְׂרָאֵל׃ ס

כח

כח

וְאַתָּה הַקְרֵב אֵלֶיךָ אֶת־אַהֲרֹן אָחִיךָ וְאֶת־בָּנָיו אִתּוֹ מִתּוֹךְ א
בְּנֵי יִשְׂרָאֵל לְכַהֲנוֹ־לִי אַהֲרֹן נָדָב וַאֲבִיהוּא אֶלְעָזָר וְאִיתָמָר
בְּנֵי אַהֲרֹן׃ וְעָשִׂיתָ בִגְדֵי־קֹדֶשׁ לְאַהֲרֹן אָחִיךָ לְכָבוֹד 2
וּלְתִפְאָרֶת׃ וְאַתָּה תְּדַבֵּר אֶל־כָּל־חַכְמֵי־לֵב אֲשֶׁר מִלֵּאתִיו 3
רוּחַ חָכְמָה וְעָשׂוּ אֶת־בִּגְדֵי אַהֲרֹן לְקַדְּשׁוֹ לְכַהֲנוֹ־לִי׃
וְאֵלֶּה הַבְּגָדִים אֲשֶׁר יַעֲשׂוּ חֹשֶׁן וְאֵפוֹד וּמְעִיל וּכְתֹנֶת 4
תַּשְׁבֵּץ מִצְנֶפֶת וְאַבְנֵט וְעָשׂוּ בִגְדֵי־קֹדֶשׁ לְאַהֲרֹן אָחִיךָ
וּלְבָנָיו לְכַהֲנוֹ־לִי׃ וְהֵם יִקְחוּ אֶת־הַזָּהָב וְאֶת־הַתְּכֵלֶת ה
וְאֶת־הָאַרְגָּמָן וְאֶת־תּוֹלַעַת הַשָּׁנִי וְאֶת־הַשֵּׁשׁ׃ פ
וְעָשׂוּ אֶת־הָאֵפֹד זָהָב תְּכֵלֶת וְאַרְגָּמָן תּוֹלַעַת שָׁנִי וְשֵׁשׁ 6
מָשְׁזָר מַעֲשֵׂה חֹשֵׁב׃ שְׁתֵּי כְתֵפֹת חֹבְרֹת יִהְיֶה־לּוֹ אֶל־ 7
שְׁנֵי קְצוֹתָיו וְחֻבָּר׃ וְחֵשֶׁב אֲפֻדָּתוֹ אֲשֶׁר עָלָיו כְּמַעֲשֵׂהוּ 8
מִמֶּנּוּ יִהְיֶה זָהָב תְּכֵלֶת וְאַרְגָּמָן וְתוֹלַעַת שָׁנִי וְשֵׁשׁ
מָשְׁזָר׃ וְלָקַחְתָּ אֶת־שְׁתֵּי אַבְנֵי־שֹׁהַם וּפִתַּחְתָּ עֲלֵיהֶם 9
שְׁמוֹת בְּנֵי יִשְׂרָאֵל׃ שִׁשָּׁה מִשְּׁמֹתָם עַל הָאֶבֶן הָאֶחָת י
וְאֶת־שְׁמוֹת הַשִּׁשָּׁה הַנּוֹתָרִים עַל־הָאֶבֶן הַשֵּׁנִית כְּתוֹלְדֹתָם׃
מַעֲשֵׂה חָרַשׁ אֶבֶן פִּתּוּחֵי חֹתָם תְּפַתַּח אֶת־שְׁתֵּי הָאֲבָנִים 11
עַל־שְׁמֹת בְּנֵי יִשְׂרָאֵל מֻסַבֹּת מִשְׁבְּצוֹת זָהָב תַּעֲשֶׂה
אֹתָם׃ וְשַׂמְתָּ אֶת־שְׁתֵּי הָאֲבָנִים עַל כִּתְפֹת הָאֵפֹד אַבְנֵי 12
זִכָּרֹן לִבְנֵי יִשְׂרָאֵל וְנָשָׂא אַהֲרֹן אֶת־שְׁמוֹתָם לִפְנֵי יְהוָה
עַל־שְׁתֵּי כְתֵפָיו לְזִכָּרֹן׃ ס וְעָשִׂיתָ מִשְׁבְּצֹת זָהָב׃ 13
וּשְׁתֵּי שַׁרְשְׁרֹת זָהָב טָהוֹר מִגְבָּלֹת תַּעֲשֶׂה אֹתָם מַעֲשֵׂה 14
עֲבֹת וְנָתַתָּה אֶת־שַׁרְשְׁרֹת הָעֲבֹתֹת עַל־הַמִּשְׁבְּצֹת׃ ס
וְעָשִׂיתָ חֹשֶׁן מִשְׁפָּט מַעֲשֵׂה חֹשֵׁב כְּמַעֲשֵׂה אֵפֹד תַּעֲשֶׂנּוּ טו
זָהָב תְּכֵלֶת וְאַרְגָּמָן וְתוֹלַעַת שָׁנִי וְשֵׁשׁ מָשְׁזָר תַּעֲשֶׂה

פַארהַאנג וָואס אִיז בֵּייא דֶעם צֵייגְנִים, זָאל אַהֲרֹן אוּנְד זֵיינֶע זִיהְן דָאס צוּרִיכְטֶען פוּן אָבֶענְד בִּיז מָארְגֶען פַאר גָאט, אֵיין אֵייבִּיגֶעס גֶעזֶעץ צוּ זֵייעֶרֶע גֶעשְׁלֶעכְטֶער פוּן דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל׃

## קאפיטעל כח

1 אוּנְד דוּא זָאלְסְט גֶענֶעהֶנֶען צוּ דִיר
אַהֲרֹן דֵיין בְּרוּדֶער, אוּנְד זֵיינֶע זִיהְן מִיט
אִיהם פוּן צְווִישֶׁען דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל,
כְּדֵי עֶר זָאל זֵיין כֹּהֵן צוּ מִיר, אַהֲרֹן, נָדָב
אוּנְד אֲבִיהוּא, אֶלְעָזָר אוּנְד אִיתָמָר, דִיא
זִיהְן פוּן אַהֲרֹן׃ 2 אוּנְד דוּא זָאלְסְט
מַאכֶען הֵיילִיגֶע קְלֵיידֶער פַאר אַהֲרֹן דֵיין
בְּרוּדֶער, צוּ הֶערְלִיכְקֵייט אוּנְד צוּ שֵׁיינְ-
הַייט׃ 3 אוּנְד דוּא זָאלְסְט רֶעדֶען צוּ
אַלֶע קְלוּג-הַארְצִיגֶע, וָואס אִיךְ הָאבּ זֵייא
דֶערְפִילְט מִיט דֶעם רוּחַ חָכְמָה, אַז זֵייא
זָאלֶען מַאכֶען דִיא קְלֵיידֶער פַאר אַהֲרֹן,
אִיהם צוּ הֵיילִיגֶען, כְּדֵי עֶר זָאל צוּ מִיר
זֵיין אַ כֹּהֵן׃ 4 אוּנְד דִיא דָאזִיגֶע זֶענֶען
דִיא קְלֵיידֶער וָואס זֵייא זָאלֶען מַאכֶען,
אַ בְּרוּסְט-שְׁפַּאן, אוּנְד אֵיין אֵפוֹד, אוּנְד
אֵיין אוֹיבֶּער-הֶעמְד, אוּנְד אֵיין גֶעקֶעמְ-
טֶעלְט הֶעמְד, אַ הוֹיבּ, אוּנְד אַ גַארְטֶעל,
אוּנְד זֵייא זָאלֶען מַאכֶען דִיא הֵיילִיגֶע
קְלֵיידֶער פַאר אַהֲרֹן דֵיין בְּרוּדֶער, אוּנְד פַאר זֵיינֶע זִיהְן, כְּדֵי עֶר זָאל צוּ מִיר
זֵיין אַ כֹּהֵן׃ 5 אוּנְד זֵייא זָאלֶען נֶעמֶען דָאס גָאלְד אוּנְד דָאס בְּלוֹי, אוּנְד דָאס פּוּרְפּוּר,
אוּנְד דָאס קַארְמִיזִין אוּנְד דִיא לֵיינֶען׃

6 אוּנְד זֵייא זָאלֶען מַאכֶען דֶעם אֵפוֹד פוּן גָאלְד, בְּלוֹיא אוּנְד פּוּרְפּוּר, קַארְמִיזִין
אוּנְד גֶעצְווִירְנְטֶע לֵיינֶען, גֶעקִינְסְטֶעלְטֶעס וֶוערְק׃ 7 צְווֵייא אַקְסֶעל-בֶּענְדֶער,
גֶעהֶעפְטֶעט זָאלֶען זֵיין צוּ אִיהם, צוּ זֵיינֶע צְווֵייא עֶנְדֶען, אַז עֶס זָאל זֵיין בֶּעהֶעפְטֶעט׃
8 אוּנְד דֶער גַארְטֶעל פוּן זֵיין אֵפוֹד וָואס אִיז אוֹיף אִיהם, גְלֵייךְ אַזוֹי וִויא זֵיינֶע
אַרְבֵּייט זָאל עֶר זֵיין פוּן אִיהם, פוּן גָאלְד, בְּלוֹיא, אוּנְד פּוּרְפּוּר, אוּנְד קַארְמִיזִין אוּנְד
גֶעצְווִירְנְטֶע לֵיינֶען׃ 9 אוּנְד דוּא זָאלְסְט נֶעמֶען צְווֵייא אוֹנִיקֶעל שְׁטֵיינֶער, אוּנְד דוּא
זָאלְסְט אֵיינְקְרִיצֶעלְן אוֹיף זֵייא דִיא נֶעמֶען פוּן דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל׃ 10 זֶעקְס פוּן
זֵייעֶרֶע נֶעמֶען אוֹיף אֵיין שְׁטֵיין, אוּנְד דִיא נֶעמֶען פוּן דִיא זֶעקְס אִיבְּרִיגֶע אוֹיף דֶעם
אַנְדֶערְן שְׁטֵיין, גְלֵייךְ אַזוֹי וִויא זֵייעֶרֶע גֶעבּוּרְט׃ 11 דָאס וֶוערְק פוּן אַ שְׁטֵיין-קְרִיצֶער,
גְלֵייךְ אַזוֹי וִויא דִיא אֵיינְקְרִיצְלוּנְג פוּן אַ זִיגֶעל-רִינְג זָאלְסְט דוּא אֵיינְקְרִיצֶעלְן דִיא
צְווֵייא שְׁטֵיינֶער מִיט דִיא נֶעמֶען פוּן דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל, אוּמְגֶערִינְגֶעלְט אִין גָאלְדֶע-
נֶע קַאסְטֶען זָאלְסְט דוּא זֵייא מַאכֶען׃ 12 אוּנְד דוּא זָאלְסְט זֶעצֶען דִיא צְווֵייא
שְׁטֵיינֶער אוֹיף דִיא אַקְסֶעל-בֶּענְדֶער פוּן דֶעם אֵפוֹד, שְׁטֵיינֶער פוּן גֶעדֶעכְטְנִיס צוּ דִיא
קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל, אוּנְד אַהֲרֹן זָאל טְרָאגֶען זֵייעֶרֶע נֶעמֶען פַאר גָאט אוֹיף זֵיינֶע צְווֵייא
אַקְסֶעלְן צוּ אַ גֶעדֶעכְטְנִיס׃ 13 אוּנְד דוּא זָאלְסְט מַאכֶען גָאלְדֶענֶע קַאסְטֶען׃
14 אוּנְד צְווֵייא קֵייטֶען פוּן רֵיין גָאלְד גֶעמֶערְקְט, זָאלְסְט דוּא זֵייא מַאכֶען,
גֶעפְלָאכְטֶען וֶוערְק, אוּנְד דוּא זָאלְסְט זֶעצֶען דִיא גֶעפְלָאכְטֶענֶע קֵייטֶען אִין
דִיא קַאסְטֶען׃ 15 אוּנְד דוּא זָאלְסְט מַאכֶען דִיא בְּרוּסְט-שְׁפַּאן פוּן גֶערִיכְט
(חֹשֶׁן מִשְׁפָּט) גֶעקִינְסְטֶעלְט וֶוערְק, גְלֵייךְ אַזוֹי וִויא דָאס וֶוערְק פוּן
דֶעם אֵפוֹד זָאלְסְט דוּא אִיהם מַאכֶען, פוּן גָאלְד, בְּלוֹיא, אוּנְד פּוּרְ-
פּוּר, אוּנְד קַארְמִיזִין אוּנְד גֶעצְווִירְנְטֶע לֵיינֶען, זָאלְסְט דוּא אִיהם מַאכֶען׃

16 17 אֹתוֹ: רָבוּעַ יִהְיֶה כָּפוּל זֶרֶת אָרְכּוֹ וְזֶרֶת רָחְבּוֹ: וּמִלֵּאתָ
בוֹ מִלֻּאַת אֶבֶן אַרְבָּעָה טוּרִים אָבֶן טוּר אֹדֶם פִּטְדָה
18 וּבָרֶקֶת הַטּוּר הָאֶחָד: וְהַטּוּר הַשֵּׁנִי נֹפֶךְ סַפִּיר וְיָהֲלֹם:
19 כ וְהַטּוּר הַשְּׁלִישִׁי לֶשֶׁם שְׁבוֹ וְאַחְלָמָה: וְהַטּוּר הָרְבִיעִי
תַּרְשִׁישׁ וְשֹׁהַם וְיָשְׁפֵה מְשֻׁבָּצִים זָהָב יִהְיוּ בְּמִלּוּאֹתָם:
21 וְהָאֲבָנִים תִּהְיֶיןָ עַל־שְׁמֹת בְּנֵי־יִשְׂרָאֵל שְׁתֵּים עֶשְׂרֵה עַל־
שְׁמֹתָם פִּתּוּחֵי חוֹתָם אִישׁ עַל־שְׁמוֹ תִּהְיֶיןָ לִשְׁנֵי עָשָׂר
22 שָׁבֶט: וְעָשִׂיתָ עַל־הַחֹשֶׁן שַׁרְשֹׁת גַּבְלֻת מַעֲשֵׂה עֲבֹת זָהָב
23 טָהוֹר: וְעָשִׂיתָ עַל־הַחֹשֶׁן שְׁתֵּי טַבְּעוֹת זָהָב וְנָתַתָּ אֶת־
24 שְׁתֵּי הַטַּבָּעוֹת עַל־שְׁנֵי קְצוֹת הַחֹשֶׁן: וְנָתַתָּה אֶת־שְׁתֵּי
כה עֲבֹתֹת הַזָּהָב עַל־שְׁתֵּי הַטַּבָּעֹת אֶל־קְצוֹת הַחֹשֶׁן: וְאֵת
שְׁתֵּי קְצוֹת שְׁתֵּי הָעֲבֹתֹת תִּתֵּן עַל־שְׁתֵּי הַמִּשְׁבְּצוֹת וְנָתַתָּה
26 עַל־כִּתְפוֹת הָאֵפֹד אֶל־מוּל פָּנָיו: וְעָשִׂיתָ שְׁתֵּי טַבְּעוֹת זָהָב
וְשַׂמְתָּ אֹתָם עַל־שְׁנֵי קְצוֹת הַחֹשֶׁן עַל־שְׂפָתוֹ אֲשֶׁר אֶל־
27 עֵבֶר הָאֵפוֹד בָּיְתָה: וְעָשִׂיתָ שְׁתֵּי טַבְּעוֹת זָהָב וְנָתַתָּה
אֹתָם עַל־שְׁתֵּי כִתְפוֹת הָאֵפוֹד מִלְּמַטָּה מִמּוּל פָּנָיו לְעֻמַּת
28 מַחְבַּרְתּוֹ מִמַּעַל לְחֵשֶׁב הָאֵפוֹד: וְיִרְכְּסוּ אֶת־הַחֹשֶׁן
מִטַּבְּעֹתָו אֶל־טַבְּעֹת הָאֵפוֹד בִּפְתִיל תְּכֵלֶת לִהְיוֹת עַל־
29 חֵשֶׁב הָאֵפוֹד וְלֹא־יִזַּח הַחֹשֶׁן מֵעַל הָאֵפוֹד: וְנָשָׂא אַהֲרֹן
אֶת־שְׁמוֹת בְּנֵי־יִשְׂרָאֵל בְּחֹשֶׁן הַמִּשְׁפָּט עַל־לִבּוֹ בְּבֹאוֹ אֶל־
ל הַקֹּדֶשׁ לְזִכָּרֹן לִפְנֵי־יְהוָה תָּמִיד: וְנָתַתָּ אֶל־חֹשֶׁן הַמִּשְׁפָּט
אֶת־הָאוּרִים וְאֶת־הַתֻּמִּים וְהָיוּ עַל־לֵב אַהֲרֹן בְּבֹאוֹ לִפְנֵי
יְהוָה וְנָשָׂא אַהֲרֹן אֶת־מִשְׁפַּט בְּנֵי־יִשְׂרָאֵל עַל־לִבּוֹ לִפְנֵי
31 יְהוָה תָּמִיד: ס וְעָשִׂיתָ אֶת־מְעִיל הָאֵפוֹד כְּלִיל תְּכֵלֶת:
32 וְהָיָה פִי־רֹאשׁוֹ בְּתוֹכוֹ שָׂפָה יִהְיֶה לְפִיו סָבִיב מַעֲשֵׂה
33 אֹרֵג כְּפִי תַחְרָא יִהְיֶה־לּוֹ לֹא יִקָּרֵעַ: וְעָשִׂיתָ עַל־שׁוּלָיו
רִמֹּנֵי תְּכֵלֶת וְאַרְגָּמָן וְתוֹלַעַת שָׁנִי עַל־שׁוּלָיו סָבִיב וּפַעֲמֹנֵי

16 עֶס זָאל זֵיין פִיעֶרעֶקֶעדִיג, גֶעדָאפֶּעלְט, אֵיין דוֹימֶען זֵיינֶע לֶענְג, אוּנְד אֵיין דוֹימֶען זֵיינֶע בְּרֵייט: 17 אוּנְד דוּא זָאלְסְט דֶערְפִילֶען אֵיינֶע דֶערְפִילוּנְג פוּן שְׁטֵיין, פִיעֶר צֵיילֶען פוּן שְׁטֵיין, אֵיין צֵייל, רוּבִּין, פְּרִיזַאנְד, אוּנְד אֵיין קַארְפִינְקֶעל, דָאס אִיז דִיא עֶרְשְׁטֶע צֵייל: 18 אוּנְד דִיא אַנְדֶערֶע צֵייל אַ סְמַארְגַאד, אַ סַפִּיר, אוּנְד דִיאַמַאנְט: 19 אוּנְד דִיא דְרִיטֶע צֵייל, אַ טִירְקַאס אַ טָאפַּאס, אוּנְד אַ קְרִיסְטַאל: 20 אוּנְד דִיא פִירְטֶע צֵייל, אַ יַאכְצוּם, אוּנְד אוֹנִיקִיל, אוּנְד יַאסְפִּיס, זֵייא זָאלֶען זֵיין אֵיינְגֶעפַאסְט מִיט גָאלְד, אִין זֵיירֶע דֶערְפִילוּנְג: 21 אוּנְד דִיא שְׁטֵיינֶער זָאלֶען זֵיין נָאךְ דִיא נֶעמֶען פוּן דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל, צְוֶועלְף נָאךְ זֵיירֶע נֶעמֶען, גְלֵייךְ אַזוֹי וִויא דִיא אֵיינְקְרִיצְלוּנְג פוּן אַ זִיגֶעל־רִינְג, אִיטְלִיכֶער נָאךְ זֵיין נָאמֶען נָאךְ זָאלֶען זֵייא זֵיין צוּ דִיא צְוֶועלְף שְׁבָטִים: 22 אוּנְד דוּא זָאלְסְט מַאכֶען אוֹיף דִיא בְּרוּסְט־שְׁפַּאן גֶע־מֶערְקְטֶע קֵייטֶען גֶעפְלָאכְטֶען וֶוערְק, רֵיין גָאלְד: 23 אוּנְד דוּא זָאלְסְט מַאכֶען אוֹיף דִיא בְּרוּסְט שְׁפַּאן צְוֵוייא גָאלְדֶענֶע רִינְגֶען, אוּנְד דוּא זָאלְסְט טְהוּן דִיא צְוֵוייא רִינְגֶען אוֹיף דִיא צְוֵוייא עֶנְדֶען פוּן דִיא בְּרוּסְט־שְׁפַּאן: 24 אוּנְד דוּא זָאלְסְט טְהוּן דִיא צְוֵוייא גֶעפְלָאכְטֶענֶע גָאלְדֶענֶע קֵייטֶען אוֹיף דִיא צְוֵוייא רִינְגֶען, צוּ דִיא עֶנְדֶען פוּן דִיא בְּרוּסְט שְׁפַּאן: 25 אוּנְד דִיא צְוֵוייא עֶקֶען פוּן דִיא צְוֵוייא גֶעפְלָאכְטֶענֶע קֵייטֶען זָאלְסְט דוּא טְהוּן אוֹיף דִיא צְוֵוייא קַאסְטֶען, אוּנְד דוּא זָאלְסְט זֵייא זֶעצֶען אוֹיף דִיא אַקְסֶעל בֶּענְדֶער פוּן דֶעם אֵפוֹד, קֶעגֶען דִיא פָארְדֶערְשְׁטֶע זֵייט: 26 אוּנְד דוּא זָאלְסְט מַאכֶען צְוֵוייא גָאלְדֶענֶע רִינְגֶען, אוּנְד דוּא זָאלְסְט זֵייא זֶעצֶען אוֹיף דִיא צְוֵוייא עֶקֶען פוּן דִיא בְּרוּסְט שְׁפַּאן, אוֹיף זֵיין זוֹים וָואס אִיז אַן דִיא זֵייט פוּן דֶעם אֵפוֹד אִינְוֵוייניג: 27 אוּנְד דוּא זָאלְסְט מַאכֶען צְוֵוייא גָאלְדֶענֶע רִינְגֶען, אוּנְד דוּא זָאלְסְט זֵייא זֶעצֶען אוֹיף דִיא צְוֵוייא אַקְסֶעל־בֶּענְדֶער פוּן דֶעם אֵפוֹד פוּן אוּנְטֶען, קֶעגֶען דִיא פָאר־דֶערְשְׁטֶע זֵייט פוּן קֶעגֶענְאִיבֶּער זֵיינֶע בֶּעהֶעפְטוּנְג, פוּן אוֹיבֶּען צוּ דֶעם גַארְטֶעל פוּן דֶעם אֵפוֹד: 28 אוּנְד זֵייא זָאלֶען אָנְבִּינְדֶען דִיא בְּרוּסְט שְׁפַּאן מִיט זֵיינֶע רִינְגֶען, צוּ דִיא רִינְגֶען פוּן דֶעם אֵפוֹד מִיט אַ בְּלוֹיעֶ שְׁנוּר, צוּ זֵיין אוֹיף דֶעם גַארְטֶעל פוּן דֶעם אֵפוֹד, אַז דִיא בְּרוּסְט שְׁפַּאן זָאל נִיט אַוֶועק גֶערִיקְט וֶוערֶען פוּן דֶעם אֵפוֹד: 29 אוּנְד אַהֲרֹן זָאל טְרָאגֶען דִיא נֶעמֶען פוּן דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל אָן דִיא בְּרוּסְט־שְׁפַּאן פוּן גֶע־רִיכְט (חֹשֶׁן מִשְׁפָּט) אוֹיף זֵיין הַארְץ וֶוען עֶר וֶועט קוּמֶען אִין דֶעם הֵיילִיגְטוּם, צוּ אֵיין גֶעדֶעכְטְנִיס פַאר גָאט בֶּעשְׁטֶענְדִיג: 30 אוּנְד דוּא זָאלְסְט טְהוּן אִין דִיא בְּרוּסְט־שְׁפַּאן פוּן גֶערִיכְט דִיא אוּרִים אוּנְד תֻּמִּים, אוּנְד זֵייא זָאלֶען זֵיין אוֹיף דֶעם הַארְץ פוּן אַהֲרֹן וֶוען עֶר וֶועט קוּמֶען פָאר גָאט, אוּנְד אַהֲרֹן זָאל טְרָאגֶען דָאס גֶערִיכְט פוּן דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל אוֹיף זֵיין הַארְץ פַאר גָאט בֶּעשְׁטֶענְדִיג: 31 אוּנְד דוּא זָאלְסְט מַאכֶען דָאס אוֹיבֶּערְהֶעמְד פוּן דֶעם אֵפוֹד גַאנְץ בְּלוֹיא: 32 אוּנְד זֵיין קָאפּ לָאךְ זָאל זֵיין אִין זֵיינֶער מִיטְטֶע, אֵיין זוֹים זָאל זֵיין צוּ זֵיין לָאךְ רִינְגְס אַרוּם, גֶעוֶועבְּט־וֶוערְק גְלֵייךְ אַזוֹי וִויא דָאס לָאךְ פוּן אַ פַּאנְצֶער זָאל זֵיין צוּ אִיהְם, כְּדֵי עֶס זָאל נִיט צוּרִיסֶען וֶוערֶען: 33 אוּנְד דוּא זָאלְסְט מַאכֶען אוֹיף זֵיין זוֹים מִילְגְרוֹימֶען פוּן בְּלוֹיא אוּנְד פּוּרְפּוּר אוּנְד קַארְמִיזִין, אוֹיף זֵיין זוֹים רִינְגְס אַרוּם, אוּנְד גָאלְדֶענֶע גְלֶעקְלִיךְ

אין

וְזָהָב בְּתוֹכָם סָבִיב׃ פַּעֲמֹן זָהָב וְרִמּוֹן פַּעֲמֹן זָהָב וְרִמּוֹן 34
עַל־שׁוּלֵי הַמְּעִיל סָבִיב׃ וְהָיָה עַל־אַהֲרֹן לְשָׁרֵת וְנִשְׁמַע לה
קוֹלוֹ בְּבֹאוֹ אֶל־הַקֹּדֶשׁ לִפְנֵי יְהוָה וּבְצֵאתוֹ וְלֹא יָמוּת׃ ס
וְעָשִׂיתָ צִּיץ זָהָב טָהוֹר וּפִתַּחְתָּ עָלָיו פִּתּוּחֵי חֹתָם קֹדֶשׁ 36
לַיהוָה׃ וְשַׂמְתָּ אֹתוֹ עַל־פְּתִיל תְּכֵלֶת וְהָיָה עַל־הַמִּצְנָפֶת 37
אֶל־מוּל פְּנֵי־הַמִּצְנֶפֶת יִהְיֶה׃ וְהָיָה עַל־מֵצַח אַהֲרֹן וְנָשָׂא 38
אַהֲרֹן אֶת־עֲוֹן הַקֳּדָשִׁים אֲשֶׁר יַקְדִּישׁוּ בְּנֵי יִשְׂרָאֵל לְכָל־
מַתְּנֹת קָדְשֵׁיהֶם וְהָיָה עַל־מִצְחוֹ תָּמִיד לְרָצוֹן לָהֶם לִפְנֵי
יְהוָה׃ וְשִׁבַּצְתָּ הַכְּתֹנֶת שֵׁשׁ וְעָשִׂיתָ מִצְנֶפֶת שֵׁשׁ וְאַבְנֵט 39
תַּעֲשֶׂה מַעֲשֵׂה רֹקֵם׃ וְלִבְנֵי אַהֲרֹן תַּעֲשֶׂה כֻתֳּנֹת וְעָשִׂיתָ מ
לָהֶם אַבְנֵטִים וּמִגְבָּעוֹת תַּעֲשֶׂה לָהֶם לְכָבוֹד וּלְתִפְאָרֶת׃
וְהִלְבַּשְׁתָּ אֹתָם אֶת־אַהֲרֹן אָחִיךָ וְאֶת־בָּנָיו אִתּוֹ וּמָשַׁחְתָּ 41
אֹתָם וּמִלֵּאתָ אֶת־יָדָם וְקִדַּשְׁתָּ אֹתָם וְכִהֲנוּ־לִי׃ וַעֲשֵׂה 42
לָהֶם מִכְנְסֵי־בָד לְכַסּוֹת בְּשַׂר עֶרְוָה מִמָּתְנַיִם וְעַד־יְרֵכַיִם
יִהְיוּ׃ וְהָיוּ עַל־אַהֲרֹן וְעַל־בָּנָיו בְּבֹאָם ׀ אֶל־אֹהֶל מוֹעֵד אוֹ 43
בְגִשְׁתָּם אֶל־הַמִּזְבֵּחַ לְשָׁרֵת בַּקֹּדֶשׁ וְלֹא־יִשְׂאוּ עָוֹן וָמֵתוּ
חֻקַּת עוֹלָם לוֹ וּלְזַרְעוֹ אַחֲרָיו׃ ס

כט

כט

וְזֶה הַדָּבָר אֲשֶׁר־תַּעֲשֶׂה לָהֶם לְקַדֵּשׁ אֹתָם לְכַהֵן לִי לְקַח א
פַּר אֶחָד בֶּן־בָּקָר וְאֵילִם שְׁנַיִם תְּמִימִם׃ וְלֶחֶם מַצּוֹת 2
וְחַלֹּת מַצֹּת בְּלוּלֹת בַּשֶּׁמֶן וּרְקִיקֵי מַצּוֹת מְשֻׁחִים בַּשָּׁמֶן
סֹלֶת חִטִּים תַּעֲשֶׂה אֹתָם׃ וְנָתַתָּ אוֹתָם עַל־סַל אֶחָד 3
וְהִקְרַבְתָּ אֹתָם בַּסָּל וְאֶת־הַפָּר וְאֵת שְׁנֵי הָאֵילִם׃ וְאֶת־ 4
אַהֲרֹן וְאֶת־בָּנָיו תַּקְרִיב אֶל־פֶּתַח אֹהֶל מוֹעֵד וְרָחַצְתָּ
אֹתָם בַּמָּיִם׃ וְלָקַחְתָּ אֶת־הַבְּגָדִים וְהִלְבַּשְׁתָּ אֶת־אַהֲרֹן ה
אֶת־הַכֻּתֹּנֶת וְאֵת מְעִיל הָאֵפֹד וְאֶת־הָאֵפֹד וְאֶת־הַחֹשֶׁן
וְאָפַדְתָּ לוֹ בְּחֵשֶׁב הָאֵפֹד׃ וְשַׂמְתָּ הַמִּצְנֶפֶת עַל־רֹאשׁוֹ וְנָתַתָּ 6

אִין צְווִישֶׁען זֵייא רִינְגְם אַרוּם׃ 34 אַ גָאלְדֶען גְלֶעקֶעל אוּנְד אַ מִילְגְרוּים, אַ גָאלְדֶען גְלֶעקֶעל אוּנְד אַ מִילגְרוּים, אוֹיף דֶעם זוּים פוּן דֶעם אוֹיבֶּערְהֶעמְד רִינְגְם אַרוּם׃ 35 אוּנְד עֶס זָאל זֵיין אוֹיף אַהֲרֹן צוּ דִיעֶנֶען, אוּנְד זֵיין קוֹל זָאל גֶעהֶערְט וֶוערֶען וֶוען עֶר וֶועט קוּמֶען אִין דֶעם הֵיילִיגְטְהוּם פַאר גָאט, אוּנְד וֶוען עֶר וֶועט אַרוֹיסְגֵיין, אַז עֶר זָאל נִיט שְׁטַארְבֶּען׃ 36 אוּנְד דוּא זָאלְסְט מַאכֶען אַ בְּלֶעךְ פוּן רֵיין גָאלְד, אוּנְד דוּא זָאלְסְט אֵיינְקְרִיצֶעלְן אוֹיף אִיהְם גְלֵייךְ אַזוֹי וִויא דִיא אֵיינְקְרִיצְלוּנְג פוּן אַ זִיגֶעלְרִינְג קֹדֶשׁ לַיְהֹוָה׃ 37 אוּנְד דוּא זָאלְסְט אִיהְם זֶעצֶען אוֹיף אַ בְּלוֹיעֶ שְׁנוּר, אוּנְד עֶס זָאל זֵיין אוֹיף דִיא הוֹיבּ, אוֹיף דִיא פָארְדֶערְשְׁטֶע זֵייט פוּן דִיא הוֹיבּ זָאל עֶס זֵיין׃ 38 אוּנְד עֶס זָאל זֵיין אוֹיף דֶעם שְׁטֶערֶען פוּן אַהֲרֹן, אַז אַהֲרֹן זָאל טְרָאגֶען דִיא זִינְד פוּן דִיא הֵיילִיגְקֵייטֶען וָואס דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל וֶועלֶען הֵיילִיגֶען צוּ אַלֶע זֵייעֶרֶע הֵיילִיגֶע גָאבֶּען, אוּנְד עֶס זָאל זֵיין אוֹיף זֵיין שְׁטֶערֶען בֶּעשְׁטֶענְדִיג, צוּ אֵיין וואוֹילְגֶעפַאלֶען צוּ זֵייא, פַאר גָאט׃ 39 אוּנְד דוּא זָאלְסְט שְׁטִיקֶען דָאס לֵיינֶענֶע הֶעמְד, אוּנְד דוּא זָאלְסְט מַאכֶען אַ לֵיינֶענֶע הוֹיבּ, אוּנְד אַ גַארְטֶעל זָאלְסְט דוּא מַאכֶען גֶעשְׁטִיקְט וֶוערְק׃ 40 אוּנְד פַאר דִיא זִיהְן פוּן אַהֲרֹן זָאלְסְט דוּא מַאכֶען הֶעמְדֶער, אוּנְד דוּא זָאלְסְט מַאכֶען פַאר זֵייא גַארְטֶעל, אוּנְד הוֹיכֶע הוֹיבֶּען זָאלְסְט דוּא מַאכֶען פַאר זֵייא, צוּ הֶערְלִיכְקֵייט אוּנְד צוּ שֵׁיינְהֵייט׃ 41 אוּנְד דוּא זָאלְסְט זֵייא אָנְקְלֵיידֶען אָן אַהֲרֹן דֵיין בְּרוּדֶער, אוּנְד אָן זֵיינֶע זִיהְן מִיט אִיהְם, אוּנְד דוּא זָאלְסְט זֵייא זַאלְבֶּען, אוּנְד דוּא זָאלְסְט דֶערְפִילֶען זֵייעֶרֶע הֶענְד, אוּנְד דוּא זָאלְסְט זֵייא הֵיילִיגֶען, אוּנְד זֵייא זָאלֶען זֵיין כֹּהֲנִים צוּ מִיר׃ 42 אוּנְד מַאךְ פַאר זֵייא לֵיינֶענֶע הוֹיזֶען צוּ בֶּעדֶעקֶען דָאס פְלֵיישׁ פוּן דִיא שַׁאנְד, זֵייא זָאלֶען זֵיין פוּן דִיא לֶענְדֶען בִּיז צוּ דִיא דִיעֶכֶען׃ 43 אוּנְד זֵייא זָאלֶען זֵיין אוּנְד אוֹיף אַהֲרֹן אוּנְד אוֹיף זֵיינֶע זִיהְן, וֶוען זֵייא קוּמֶען צוּ דֶעם גֶעצֶעלְט פוּן דִיא פֶערְזַאמְלוּנְג, אָדֶער וֶוען זֵייא גֶענֶעהֶנֶען צוּ דֶעם מִזְבֵּחַ צוּ דִינֶען אִין דֶעם הֵיילִיגְטוּם, אַז זֵייא זָאלֶען נִיט טְרָאגֶען קֵיינֶע זִינְד אוּנְד שְׁטַארְבֶּען, עֶס זָאל זֵיין אֵיין אֵייבִּיגֶעס גֶעזֶעץ צוּ אִיהְם אוּנְד צוּ זֵיין זָאמֶען נָאךְ אִיהְם׃

## קאפיטעל כט

1 אוּנְד דָאס דָאזִיגֶע אִיז דִיא זַאךְ וָואס דוּא זָאלְסְט טְהוּן צוּ זֵייא, זֵייא צוּ הֵיילִיגֶען, אַז זֵייא זָאלֶען זֵיין כֹּהֲנִים צוּ מִיר, נֶעם אַ יוּנְגֶען שְׁטִיעֶר אוּנְד צְוֵויא וִוידֶער אָהְן פֶעהְלֶער׃ 2 אוּנְד בְּרוֹיט פוּן מַצוֹת, אוּנְד קוּכֶען פוּן מַצוֹת, גֶעמִישְׁט מִיט אֵייל, אוּנְד דִינֶע קוּכֶען פוּן מַצוֹת בֶּעשְׁמִירְט מִיט אֵייל, אוּים וֵוייצֶען מֶעהְל זָאלְסְט דוּא זֵייא מַאכֶען׃ 3 אוּנְד דוּא זָאלְסְט זֵייא לֵייגֶען אִין אַ קָארְבּ, אוּנְד דוּא זָאלְסְט זֵייא גֶע־נֶעהֶנֶען אִין דֶעם קָארְבּ, מִיט דֶעם שְׁטִיעֶר אוּנְד דִיא צְוֵוייא וִוידֶער׃ 4 אוּנְד אַהֲרֹן אוּנְד זֵיינֶע זִיהְן זָאלְסְט דוּא גֶענֶעהֶנֶען צוּ דֶער טְהִיר פוּן דֶעם גֶעצֶעלְט פוּן דִיא פֶערְ־זַאמְלוּנְג, אוּנְד דוּא זָאלְסְט זֵייא וַואשֶׁען מִיט וַואסֶער׃ 5 אוּנְד דוּא זָאלְסְט נֶעמֶען דִיא קְלֵיידֶער, אוּנְד דוּא זָאלְסְט אָנְקְלֵיידֶען אַהֲרֹן מִיט דֶעם הֶעמְד, אוּנְד דָאס אוֹיבֶּערְהֶעמְד פוּן דֶעם אֵפוֹד, אוּנְד מִיט דֶעם אֵפוֹד, אוּנְד מִיט דִיא בְּרוּסְטְ־שְׁפַאן, אוּנְד דוּא זָאלְסְט אִיהְם גַארְטֶלֶען מִיט דֶעם גַארְטֶעל פוּן דֶעם אֵפוֹד׃ 6 אוּנְד דוּא זָאלְסְט טְהוּן דִיא הוֹיבּ אוֹיף זֵיין קָאפּ, אוּנְד דוּא זָאלְסְט גֶעבֶּען

דיא

7 אֶת־נֵזֶר הַקֹּדֶשׁ עַל־הַמִּצְנָפֶת׃ וְלָקַחְתָּ אֶת־שֶׁמֶן הַמִּשְׁחָה
8 וְיָצַקְתָּ עַל־רֹאשׁוֹ וּמָשַׁחְתָּ אֹתוֹ׃ וְאֶת־בָּנָיו תַּקְרִיב
9 וְהִלְבַּשְׁתָּם כֻּתֳּנֹת׃ וְחָגַרְתָּ אֹתָם אַבְנֵט אַהֲרֹן וּבָנָיו
וְחָבַשְׁתָּ לָהֶם מִגְבָּעֹת וְהָיְתָה לָהֶם כְּהֻנָּה לְחֻקַּת עוֹלָם
י וּמִלֵּאתָ יַד־אַהֲרֹן וְיַד־בָּנָיו׃ וְהִקְרַבְתָּ אֶת־הַפָּר לִפְנֵי אֹהֶל
מוֹעֵד וְסָמַךְ אַהֲרֹן וּבָנָיו אֶת־יְדֵיהֶם עַל־רֹאשׁ הַפָּר׃
11 12 וְשָׁחַטְתָּ אֶת־הַפָּר לִפְנֵי יְהוָה פֶּתַח אֹהֶל מוֹעֵד׃ וְלָקַחְתָּ
מִדַּם הַפָּר וְנָתַתָּה עַל־קַרְנֹת הַמִּזְבֵּחַ בְּאֶצְבָּעֶךָ וְאֶת־כָּל־
13 הַדָּם תִּשְׁפֹּךְ אֶל־יְסוֹד הַמִּזְבֵּחַ׃ וְלָקַחְתָּ אֶת־כָּל־הַחֵלֶב
הַמְכַסֶּה אֶת־הַקֶּרֶב וְאֵת הַיֹּתֶרֶת עַל־הַכָּבֵד וְאֵת שְׁתֵּי
14 הַכְּלָיֹת וְאֶת־הַחֵלֶב אֲשֶׁר עֲלֵיהֶן וְהִקְטַרְתָּ הַמִּזְבֵּחָה׃ וְאֶת־
בְּשַׂר הַפָּר וְאֶת־עֹרוֹ וְאֶת־פִּרְשׁוֹ תִּשְׂרֹף בָּאֵשׁ מִחוּץ לַמַּחֲנֶה
טו חַטָּאת הוּא׃ וְאֶת־הָאַיִל הָאֶחָד תִּקָּח וְסָמְכוּ אַהֲרֹן וּבָנָיו
16 אֶת־יְדֵיהֶם עַל־רֹאשׁ הָאָיִל׃ וְשָׁחַטְתָּ אֶת־הָאָיִל וְלָקַחְתָּ
17 אֶת־דָּמוֹ וְזָרַקְתָּ עַל־הַמִּזְבֵּחַ סָבִיב׃ וְאֶת־הָאַיִל תְּנַתֵּחַ
לִנְתָחָיו וְרָחַצְתָּ קִרְבּוֹ וּכְרָעָיו וְנָתַתָּ עַל־נְתָחָיו וְעַל־
18 רֹאשׁוֹ׃ וְהִקְטַרְתָּ אֶת־כָּל־הָאַיִל הַמִּזְבֵּחָה עֹלָה הוּא לַיהוָה
19 רֵיחַ נִיחוֹחַ אִשֶּׁה לַיהוָה הוּא׃ וְלָקַחְתָּ אֵת הָאַיִל הַשֵּׁנִי
כ וְסָמַךְ אַהֲרֹן וּבָנָיו אֶת־יְדֵיהֶם עַל־רֹאשׁ הָאָיִל׃ וְשָׁחַטְתָּ
אֶת־הָאַיִל וְלָקַחְתָּ מִדָּמוֹ וְנָתַתָּה עַל־תְּנוּךְ אֹזֶן אַהֲרֹן וְעַל־
תְּנוּךְ אֹזֶן בָּנָיו הַיְמָנִית וְעַל־בֹּהֶן יָדָם הַיְמָנִית וְעַל־בֹּהֶן
21 רַגְלָם הַיְמָנִית וְזָרַקְתָּ אֶת־הַדָּם עַל־הַמִּזְבֵּחַ סָבִיב׃ וְלָקַחְתָּ
מִן־הַדָּם אֲשֶׁר עַל־הַמִּזְבֵּחַ וּמִשֶּׁמֶן הַמִּשְׁחָה וְהִזֵּיתָ עַל־
אַהֲרֹן וְעַל־בְּגָדָיו וְעַל־בָּנָיו וְעַל־בִּגְדֵי בָנָיו אִתּוֹ וְקָדַשׁ
22 הוּא וּבְגָדָיו וּבָנָיו וּבִגְדֵי בָנָיו אִתּוֹ׃ וְלָקַחְתָּ מִן־הָאַיִל
הַחֵלֶב וְהָאַלְיָה וְאֶת־הַחֵלֶב ׀ הַמְכַסֶּה אֶת־הַקֶּרֶב וְאֵת
יֹתֶרֶת הַכָּבֵד וְאֵת ׀ שְׁתֵּי הַכְּלָיֹת וְאֶת־הַחֵלֶב אֲשֶׁר עֲלֵיהֶן
23 וְאֵת שׁוֹק הַיָּמִין כִּי אֵיל מִלֻּאִים הוּא׃ וְכִכַּר לֶחֶם אַחַת

דיא הֵיילִיגֶע קְרוֹין אוֹיף דיא הוֹיבּ׃ 7 אוּנְד דוּא זָאלְסְט נֶעמֶען דָאס אֵייל פוּן דיא זַאלְבּוּנְג, אוּנְד דוּא זָאלְסְט עֶס גִיסֶען אוֹיף זַיין קָאפּ, אוּנְד דוּא זָאלְסְט אִיהְם זַאלְבֶּען׃ 8 אוּנְד דוּא זָאלְסְט גֶענֶעהֶנֶען זַיינֶע זִיהְן, אוּנְד דוּא זָאלְסְט זֵייא אָנְקְלֵיידֶען מִיט דיא הֶעמְדֶער׃ 9 אוּנְד דוּא זָאלְסְט זֵייא גַארְטְלֶען מִיט דֶעם גַארְטֶעל, אַהֲרֹן אוּנְד זַיינֶע זִיהְן, אוּנְד דוּא זָאלְסְט אוֹיף זֵייא אָנְבִּינְדֶען דיא הוֹיכֶע הוֹיבֶּען, אוּנְד עֶס זָאל צוּ זֵייא זַיין אַ כְּהוּנָה צוּ אֵייבִּיגֶעם גֶעזֶעץ, אוּנְד דוּא זָאלְסְט דֶערְפִילֶען דיא הַאנְד פוּן אַהֲרֹן אוּנְד דיא הֶענְד פוּן זַיינֶע זִיהְן׃ 10 אוּנְד דוּא זָאלְסְט גֶענֶעהֶנֶען דֶעם שְׁטִיעֶר פַאר דֶעם גֶעצֶעלְט פוּן דיא פֶערְזַאמְלוּנְג, אוּנְד אַהֲרֹן אוּנְד זַיינֶע זִיהְן זָאלֶען לֵייגֶען זֵייעֶרֶע הֶענְד אוֹיף דֶעם קָאפּ פוּן דֶעם שְׁטִיעֶר׃ 11 אוּנְד דוּא זָאלְסְט שֶׁעכְטֶען דֶעם שְׁטִיעֶר פַאר גָאט, בֵּייא דיא טְהִיר פוּן דֶעם גֶעצֶעלְט פוּן דיא פֶערְזַאמְלוּנְג׃ 12 אוּנְד דוּא זָאלְסְט נֶעמֶען פוּן דֶעם בְּלוּט פוּן דֶעם שְׁטִיעֶר, אוּנְד דוּא זָאלְסְט עֶס טְהוּן אוֹיף דיא הֶערְנֶער פוּן דֶעם מִזְבֵּחַ, מִיט דֵיין פִינְגֶער, אוּנְד דָאס גַאנְצֶע בְּלוּט זָאלְסְט דוּא אוֹיסְגִיסֶען אָן דֶעם גְרוּנְד פוּן דֶעם מִזְבֵּחַ׃ 13 אוּנְד דוּא זָאלְסְט נֶעמֶען דָאס גַאנְצֶע אִינְשְׁלִיט וָואס בֶּעדֶעקְט דָאס אֵיינְגֶעוֵוייד, אוּנְד דָאס רוֹיטְפְלֵיישׁ מִיט דיא לֶעבֶּער, אוּנְד דיא צְוֵוייא נִיעֶרֶען, אוּנְד דָאס אִינְשְׁלִיט וָואס אִיז אוֹיף זֵייא, אוּנְד דוּא זָאלְסְט דֶעמְפֶען אוֹיף דֶעם מִזְבֵּחַ׃ 14 אָבֶּער דָאס פְלֵיישׁ פוּן דֶעם שְׁטִיעֶר אוּנְד זַיין פֶעל אוּנְד זַיין מִיסְט, זָאלְסְט דוּא פֶערְבְּרֶענֶען מִיט פֵייעֶר, אוֹיסֶענְוֵוייניג פוּן דֶער מַחֲנֶה, עֶס אִיז אַ קָרְבָּן חַטָּאת׃ 15 אוּנְד דֶעם אֵיינֶעם ווִידֶער זָאלְסְט דוּא נֶעמֶען, אוּנְד אַהֲרֹן אוּנְד זַיינֶע זִיהְן זָאלֶען לֵייגֶען זֵייעֶרֶע הֶענְד אוֹיף דֶעם קָאפּ פוּן דֶעם ווִידֶער׃ 16 אוּנְד דוּא זָאלְסְט שֶׁעכְטֶען דֶעם ווִידֶער, אוּנְד דוּא זָאלְסְט נֶעמֶען זַיין בְּלוּט, אוּנְד דוּא זָאלְסְט עֶס שְׁפְּרֶענְגֶען אוֹיף דֶעם מִזְבֵּחַ רִינְגְס אַרוּם׃ 17 אוּנְד דֶעם ווִידֶער זָאלְסְט דוּא צוּטֵיילֶען צוּ זַיינֶע שְׁטִיקֶער, אוּנְד דוּא זָאלְסְט וַואשֶׁען זַיין אֵיינְגֶעוֵוייד אוּנְד זַיינֶע שֶׁענְקֶעל, אוּנְד דוּא זָאלְסְט עֶס לֵייגֶען מִיט זַיינֶע שְׁטִיקֶער אוּנְד מִיט זַיין קָאפּ׃ 18 אוּנְד דוּא זָאלְסְט דֶעמְפֶען דֶעם גַאנְצֶען ווִידֶער אוֹיף דֶעם מִזְבֵּחַ, עֶס אִיז אַ בְּרַאנְד אָפְּפֶער צוּ גָאט, אַ לִיבְּלִיכֶער גֶעשְׁמַאק, אַ פֵייעֶר אָפְּפֶער צוּ גָאט׃ 19 אוּנְד דוּא זָאלְסְט נֶעמֶען דֶעם אַנְדֶערְן ווִידֶער, אוּנְד אַהֲרֹן אוּנְד זַיינֶע זִיהְן זָאלֶען לֵייגֶען זֵייעֶרֶע הֶענְד אוֹיף דֶעם קָאפּ פוּן דֶעם ווִידֶער׃ 20 אוּנְד דוּא זָאלְסְט שֶׁעכְטֶען דֶעם ווִידֶער, אוּנְד דוּא זָאלְסְט נֶעמֶען פוּן זַיין בְּלוּט, אוּנְד דוּא זָאלְסְט עֶס טְהוּן אוֹיף דֶעם רֶעכְטֶען אוֹיעֶר־לַאפֶּען פוּן אַהֲרֹן אוּנְד אוֹיף דֶעם רֶעכְטֶען אוֹיעֶר־לַאפֶּען פוּן זַיינֶע זִיהְן, אוּנְד אוֹיף דֶעם דוֹימֶען פוּן זֵייעֶרֶע רֶעכְטֶע הַאנְד, אוּנְד אוֹיף דֶעם דוֹימֶען פוּן זֵייעֶר רֶעכְטֶען פוּס, אוּנְד דוּא זָאלְסְט שְׁפְּרֶענְגֶען דָאס בְּלוּט אוֹיף דֶעם מִזְבֵּחַ רִינְגְס־אַרוּם׃ 21 אוּנְד דוּא זָאלְסְט נֶעמֶען פוּן דֶעם בְּלוּט וָואס אִיז אוֹיף דֶעם מִזְבֵּחַ, אוּנְד פוּן דֶעם אֵייל פוּן דיא זַאלְבּוּנְג, אוּנְד דוּא זָאלְסְט עֶס שְׁפְּרֶענְגֶען אוֹיף אַהֲרֹן אוּנְד אוֹיף זַיינֶע קְלֵיידֶער, אוּנְד אוֹיף זַיינֶע זִיהְן אוּנְד אוֹיף זַיינֶע זִיהְן'ס קְלֵיידֶער מִיט אִיהְם, אוּנְד עֶר זָאל הֵיילִיג זַיין, אוּנְד זַיינֶע קְלֵיידֶער, אוּנְד זַיינֶע זִיהְן, אוּנְד דיא קְלֵיידֶער פוּן זַיינֶע זִיהְן מִיט אִיהְם׃ 22 אוּנְד דוּא זָאלְסְט נֶעמֶען פוּן דֶעם ווִידֶער, דָאס אִינְשְׁלִיט אוּנְד דָאס ווֵיידֶעל, אוּנְד דָאס אִינְשְׁלִיט וָואס בֶּעדֶעקְט דָאס אֵיינְגֶעוֵוייד, אוּנְד דָאס רוֹיטְפְלֵיישׁ מִיט דֶער לֶעבֶּער, אוּנְד דיא צְוֵוייא נִיעֶרֶען, אוּנְד דָאס אִינְשְׁלִיט וָואס אִיז אוֹיף זֵייא, אוּנְד דיא רֶעכְטֶע שׁוּלְטֶער, ווֵייל עֶס אִיז אַ ווִידֶער פוּן דֶערְפִילוּנְג׃ 23 אוּנְד אַ לֵייבֶּעל בְּרוֹיט,

אונד

אוּנְד אֵיין אֵייל־קוּכֶען פוּן בְּרוֹיט, אוּנְד
אֵיין דִינֶען קוּכֶען פוּן דֶעם קָארְבּ פוּן
דִיא מַצּוֹת, וָואס אִיז פַאר גָאט: 24 אוּנְד
דוּא זָאלְסְט דָאס גַאנְצֶע לֵייגֶען אוֹיף דִיא
הֶענְד פוּן אַהֲרֹן, אוּנְד אוֹיף דִיא הֶענְד פוּן
זֵיינֶע זִיהְן, אוּנְד דוּא זָאלְסְט זֵייא אוֹיפְ־
הֵייבֶּען אֵיינֶע אוֹיפְהֵייבּוּנְג פַאר גָאט:
25 אוּנְד דוּא זָאלְסְט זֵייא נֶעמֶען פוּן זֵיירֶע
הֶענְד, אוּנְד דוּא זָאלְסְט זֵייא דֶעמְפֶּען אוֹיף
דֶעם מִזְבֵּחַ אוֹיף דֶעם בְּרַאנְד־אָפְּפֶער, צוּ
אַ לִיבְּלִיכֶען גֶעשְׁמַאק פַאר גָאט, עֶס אִיז
אַ פֵייעֶר־אָפְּפֶער צוּ גָאט: 26 אוּנְד דוּא
זָאלְסְט נֶעמֶען דִיא בְּרוּסְט פוּן דֶעם וִוידֶער
פוּן דֶערְפִילוּנְג וָואס אִיז פַאר אַהֲרֹן, אוּנְד
דוּא זָאלְסְט זִיא אוֹיפְהֵייבֶּען אֵיינֶע אוֹיפְ־
הֵייבּוּנְג פַאר גָאט, אוּנְד עֶס זָאל זֵיין צוּ
דִיר פַאר אַ גָאבּ: 27 אוּנְד דוּא זָאלְסְט
הֵיילִיגֶען דִיא בְּרוּסְט פוּן דִיא אוֹיפְהֵייבּוּנְג,
אוּנְד דִיא שׁוּלְטֶער פוּן אָפְּשֵׁיידוּנְג, וָואס
אִיז אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען גֶעוָוארֶען, אוּנְד וָואס
אִיז אָפְּגֶעשֵׁייט גֶעוָוארֶען, פוּן דֶעם וִוידֶער
פוּן דֶערְפִילוּנְג, פוּן דֶעם וָואס אִיז פַאר
אַהֲרֹן, אוּנְד פוּן דֶעם וָואס אִיז פַאר זֵיינֶע
זִיהְן: 28 אוּנְד עֶס זָאל זֵיין צוּ אַהֲרֹן אוּנְד
צוּ זֵיינֶע זִיהְן פַאר אֵיין אֵיבִּיגֶעס גֶעזֶעץ
פוּן דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל, וֵוייל עֶס אִיז אֵיינֶע אָפְּשֵׁיידוּנְג, אוּנְד דִיא אָפְּשֵׁיידוּנְג זָאל
זֵיין פוּן דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל, פוּן זֵיירֶע פְרִיד־אָפְּפֶער, זֵיירֶע אָפְּשֵׁיידוּנְג צוּ גָאט:
29 אוּנְד דִיא הֵיילִיגֶע קְלֵיידֶער וָואס זֶענֶען פַאר אַהֲרֹן, זָאלֶען זֵיין פַאר זֵיינֶע זִיהְן נָאךְ
אִיהְם, מִיט זֵייא צוּ זַאלְבֶּען אוּנְד מִיט זֵייא זֵיירֶע הֶענְד צוּ דֶערְפִילֶען: 30 דֶער פוּן
זֵיינֶע זִיהְן, וָואס אִיז אַ כֹּהֵן אַן זֵיינֶע שְׁטֶעל, זָאל זֵייא אָנְקְלֵיידֶען זִיבֶּען טֶעג, וֶוען עֶר
וֶועט קוּמֶען אִין דֶעם גֶעצֶעלְט פוּן דִיא פֶערְזַאמְלוּנְג צוּ דִינֶען אִין דִיא הֵיילִיגְקֵייט:
31 אוּנְד דֶעם וִוידֶער פוּן דֶערְפִילוּנְג זָאלְסְט דוּא נֶעמֶען, אוּנְד דוּא זָאלְסְט קָאכֶען זֵיין
פְלֵייש אִין דֶעם הֵיילִיגֶען אָרְט: 32 אוּנְד אַהֲרֹן אוּנְד זֵיינֶע זִיהְן זָאלֶען עֶסֶען דָאס פְלֵייש
פוּן דֶעם וִוידֶער, אוּנְד דָאס בְּרוֹיט וָואס אִיז אִין דֶעם קָארְבּ, בֵּייא דִיא טְהִיר פוּן דֶעם
גֶעצֶעלְט פוּן דִיא פֶערְזַאמְלוּנְג: 33 אוּנְד זֵייא זָאלֶען דָאס עֶסֶען מִיט וָואס מֶען הָאט מְכַפֵּר
גֶעוֶועזֶען צוּ דֶערְפִילֶען זֵיירֶע הֶענְד, אוּנְד זֵייא צוּ הֵיילִיגֶען, אוּנְד אַ פְרֶעמְדֶער זָאל עֶס נִיט
עֶסֶען, וָוארִין זֵייא זֶענֶען הֵיילִיג: 34 אוּנְד וֶוען עֶס וֶועט אִיבְּרִיג בְּלֵייבֶּען פוּן דֶעם פְלֵייש
פוּן דִיא דֶערְפִילוּנְג אוּנְד פוּן דֶעם בְּרוֹיט בִּיז מָארְגֶען, אַזוֹי זָאלְסְט דוּא מִיט פֵייעֶר פֶערְ־
בְּרֶענֶען דָאס אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּענֶע, עֶס זָאל נִיט גֶעגֶעסֶען וֶוערֶען, וָוארִין עֶס אִיז הֵיילִיג:
35 אוּנְד דוּא זָאלְסְט מַאכֶען צוּ אַהֲרֹן אוּנְד צוּ זֵיינֶע זִיהְן, גְלֵייךְ אַזוֹי וִויא אַלֶעס וָואס אִיךְ
הָאבּ דִיר גֶעבָּאטֶען, זִיבֶּען טֶעג זָאלְסְט דוּא דֶערְפִילֶען זֵיירֶע הֶענְד: 36 אוּנְד אֵיין שְׁטִיעֶר
פוּן דֶעם זִינְד־אָפְּפֶער זָאלְסְט דוּא טֶעגְלִיךְ אָנְבֶּערֵייטֶען פוּן וֶועגֶען דִיא פֶערְזֶעהְנוּנְג
(כִּפּוּרִים) אוּנְד דוּא זָאלְסְט רֵיינִיגֶען אוֹיף דֶעם מִזְבֵּחַ, וֶוען דוּא הָאסְט אוֹיף אִיהְם מְכַפֵּר
גֶעוֶועזֶען, אוּנְד דוּא זָאלְסְט אִיהְם זַאלְבֶּען אִיהְם צוּ הֵיילִיגֶען: 37 זִיבֶּען טֶעג זָאלְסְט דוּא
מְכַפֵּר זֵיין אוֹיף דֶעם מִזְבֵּחַ, אוּנְד דוּא זָאלְסְט אִיהְם הֵיילִיגֶען, אוּנְד דֶער מִזְבֵּחַ זָאל
גַאנְץ הֵיילִיג זֵיין, אַלֶעס וָואס רִיהְרְט אָן דֶעם מִזְבֵּחַ זָאל זֵיין הֵיילִיג: 38 אוּנְד דָאס
דָאזִיגֶע אִיז וָואס דוּא זָאלְסְט מַקְרִיב זֵיין אוֹיף דֶעם מִזְבֵּחַ, צְוֵויא לֶעמֶער, אֵיין יָאהְר
אַלְט, טֶעגְלִיךְ, בֶּעשְׁטֶענְדִיג: 39 אֵיין לַאם זָאלְסְט דוּא מַקְרִיב זֵיין
אִין דֶעם מָארְגֶען, אוּנְד דָאס אַנְדֶערֶע לַאם זָאלְסְט דוּא מַקְרִיב זֵיין צְוִוישֶׁען
דִיא צְוֵויא אָבֶּענְדֶען: 40 אוּנְד אֵיין צֶעהְנְטֶעל זֶעמֶעל־מֶעהְל גֶעמִישְׁט
מִיט אַ פִירְטֶעל הִין גֶעשְׁטוֹיסֶען אֵייל, אוּנְד צוּ דִיא מִישׁוּנְג אַ פִירְטֶעל הִין
ווײן

וְחַלַּת לֶחֶם שֶׁמֶן אַחַת וְרָקִיק אֶחָד מִסַּל הַמַּצּוֹת אֲשֶׁר
לִפְנֵי יְהוָה׃ וְשַׂמְתָּ הַכֹּל עַל כַּפֵּי אַהֲרֹן וְעַל כַּפֵּי בָנָיו 24
וְהֵנַפְתָּ אֹתָם תְּנוּפָה לִפְנֵי יְהוָה׃ וְלָקַחְתָּ אֹתָם מִיָּדָם כה
וְהִקְטַרְתָּ הַמִּזְבֵּחָה עַל־הָעֹלָה לְרֵיחַ נִיחוֹחַ לִפְנֵי יְהוָה
אִשֶּׁה הוּא לַיהוָה׃ וְלָקַחְתָּ אֶת־הֶחָזֶה מֵאֵיל הַמִּלֻּאִים 26
אֲשֶׁר לְאַהֲרֹן וְהֵנַפְתָּ אֹתוֹ תְּנוּפָה לִפְנֵי יְהוָה וְהָיָה לְךָ
לְמָנָה׃ וְקִדַּשְׁתָּ אֵת ׀ חֲזֵה הַתְּנוּפָה וְאֵת שׁוֹק הַתְּרוּמָה 27
אֲשֶׁר הוּנַף וַאֲשֶׁר הוּרָם מֵאֵיל הַמִּלֻּאִים מֵאֲשֶׁר לְאַהֲרֹן
וּמֵאֲשֶׁר לְבָנָיו׃ וְהָיָה לְאַהֲרֹן וּלְבָנָיו לְחָק־עוֹלָם מֵאֵת 28
בְּנֵי יִשְׂרָאֵל כִּי תְרוּמָה הוּא וּתְרוּמָה יִהְיֶה מֵאֵת בְּנֵי־
יִשְׂרָאֵל מִזִּבְחֵי שַׁלְמֵיהֶם תְּרוּמָתָם לַיהוָה׃ וּבִגְדֵי הַקֹּדֶשׁ 29
אֲשֶׁר לְאַהֲרֹן יִהְיוּ לְבָנָיו אַחֲרָיו לְמָשְׁחָה בָהֶם וּלְמַלֵּא־
בָם אֶת־יָדָם׃ שִׁבְעַת יָמִים יִלְבָּשָׁם הַכֹּהֵן תַּחְתָּיו מִבָּנָיו ל
אֲשֶׁר יָבֹא אֶל־אֹהֶל מוֹעֵד לְשָׁרֵת בַּקֹּדֶשׁ׃ וְאֵת אֵיל הַמִּלֻּאִים 31
תִּקָּח וּבִשַּׁלְתָּ אֶת־בְּשָׂרוֹ בְּמָקֹם קָדֹשׁ׃ וְאָכַל אַהֲרֹן וּבָנָיו 32
אֶת־בְּשַׂר הָאַיִל וְאֶת־הַלֶּחֶם אֲשֶׁר בַּסָּל פֶּתַח אֹהֶל מוֹעֵד׃
וְאָכְלוּ אֹתָם אֲשֶׁר כֻּפַּר בָּהֶם לְמַלֵּא אֶת־יָדָם לְקַדֵּשׁ אֹתָם 33
וְזָר לֹא־יֹאכַל כִּי־קֹדֶשׁ הֵם׃ וְאִם־יִוָּתֵר מִבְּשַׂר הַמִּלֻּאִים 34
וּמִן־הַלֶּחֶם עַד־הַבֹּקֶר וְשָׂרַפְתָּ אֶת־הַנּוֹתָר בָּאֵשׁ לֹא יֵאָכֵל
כִּי־קֹדֶשׁ הוּא׃ וְעָשִׂיתָ לְאַהֲרֹן וּלְבָנָיו כָּכָה כְּכֹל אֲשֶׁר־ לה
צִוִּיתִי אֹתָכָה שִׁבְעַת יָמִים תְּמַלֵּא יָדָם׃ וּפַר חַטָּאת תַּעֲשֶׂה 36
לַיּוֹם עַל־הַכִּפֻּרִים וְחִטֵּאתָ עַל־הַמִּזְבֵּחַ בְּכַפֶּרְךָ עָלָיו
וּמָשַׁחְתָּ אֹתוֹ לְקַדְּשׁוֹ׃ שִׁבְעַת יָמִים תְּכַפֵּר עַל־הַמִּזְבֵּחַ 37
וְקִדַּשְׁתָּ אֹתוֹ וְהָיָה הַמִּזְבֵּחַ קֹדֶשׁ קָדָשִׁים כָּל־הַנֹּגֵעַ בַּמִּזְבֵּחַ
יִקְדָּשׁ׃ ס וְזֶה אֲשֶׁר תַּעֲשֶׂה עַל־הַמִּזְבֵּחַ כְּבָשִׂים בְּנֵי־ 8
שָׁנָה שְׁנַיִם לַיּוֹם תָּמִיד׃ אֶת־הַכֶּבֶשׂ הָאֶחָד תַּעֲשֶׂה 39
בַבֹּקֶר וְאֵת הַכֶּבֶשׂ הַשֵּׁנִי תַּעֲשֶׂה בֵּין הָעַרְבָּיִם׃ וְעִשָּׂרֹן מ
סֹלֶת בָּלוּל בְּשֶׁמֶן כָּתִית רֶבַע הַהִין וְנֵסֶךְ רְבִיעִת הַהִין

41 יַיִן לַכֶּבֶשׂ הָאֶחָד׃ וְאֵת הַכֶּבֶשׂ הַשֵּׁנִי תַּעֲשֶׂה בֵּין הָעַרְבָּיִם
כְּמִנְחַת הַבֹּקֶר וּכְנִסְכָּהּ תַּעֲשֶׂה־לָּהּ לְרֵיחַ נִיחֹחַ אִשֶּׁה
42 לַיהוָה׃ עֹלַת תָּמִיד לְדֹרֹתֵיכֶם פֶּתַח אֹהֶל־מוֹעֵד לִפְנֵי
43 יְהוָה אֲשֶׁר אִוָּעֵד לָכֶם שָׁמָּה לְדַבֵּר אֵלֶיךָ שָׁם׃ וְנֹעַדְתִּי
44 שָׁמָּה לִבְנֵי יִשְׂרָאֵל וְנִקְדַּשׁ בִּכְבֹדִי׃ וְקִדַּשְׁתִּי אֶת־אֹהֶל
מוֹעֵד וְאֶת־הַמִּזְבֵּחַ וְאֶת־אַהֲרֹן וְאֶת־בָּנָיו אֲקַדֵּשׁ לְכַהֵן
סה לִי׃ וְשָׁכַנְתִּי בְּתוֹךְ בְּנֵי יִשְׂרָאֵל וְהָיִיתִי לָהֶם לֵאלֹהִים׃
46 וְיָדְעוּ כִּי אֲנִי יְהוָה אֱלֹהֵיהֶם אֲשֶׁר הוֹצֵאתִי אֹתָם מֵאֶרֶץ
מִצְרַיִם לְשָׁכְנִי בְתוֹכָם אֲנִי יְהוָה אֱלֹהֵיהֶם׃ פ

ל

א וְעָשִׂיתָ מִזְבֵּחַ מִקְטַר קְטֹרֶת עֲצֵי שִׁטִּים תַּעֲשֶׂה אֹתוֹ׃
2 אַמָּה אָרְכּוֹ וְאַמָּה רָחְבּוֹ רָבוּעַ יִהְיֶה וְאַמָּתַיִם קֹמָתוֹ
3 מִמֶּנּוּ קַרְנֹתָיו׃ וְצִפִּיתָ אֹתוֹ זָהָב טָהוֹר אֶת־גַּגּוֹ וְאֶת־
קִירֹתָיו סָבִיב וְאֶת־קַרְנֹתָיו וְעָשִׂיתָ לּוֹ זֵר זָהָב סָבִיב׃
4 וּשְׁתֵּי טַבְּעֹת זָהָב תַּעֲשֶׂה־לּוֹ ׀ מִתַּחַת לְזֵרוֹ עַל שְׁתֵּי
צַלְעֹתָיו תַּעֲשֶׂה עַל־שְׁנֵי צִדָּיו וְהָיָה לְבָתִּים לְבַדִּים לָשֵׂאת
ה אֹתוֹ בָּהֵמָּה׃ וְעָשִׂיתָ אֶת־הַבַּדִּים עֲצֵי שִׁטִּים וְצִפִּיתָ אֹתָם
6 זָהָב׃ וְנָתַתָּה אֹתוֹ לִפְנֵי הַפָּרֹכֶת אֲשֶׁר עַל־אֲרֹן הָעֵדֻת לִפְנֵי
7 הַכַּפֹּרֶת אֲשֶׁר עַל־הָעֵדֻת אֲשֶׁר אִוָּעֵד לְךָ שָׁמָּה׃ וְהִקְטִיר
עָלָיו אַהֲרֹן קְטֹרֶת סַמִּים בַּבֹּקֶר בַּבֹּקֶר בְּהֵיטִיבוֹ אֶת־הַנֵּרֹת
8 יַקְטִירֶנָּה׃ וּבְהַעֲלֹת אַהֲרֹן אֶת־הַנֵּרֹת בֵּין הָעַרְבַּיִם יַקְטִירֶנָּה
9 קְטֹרֶת תָּמִיד לִפְנֵי יְהוָה לְדֹרֹתֵיכֶם׃ לֹא־תַעֲלוּ עָלָיו קְטֹרֶת
י זָרָה וְעֹלָה וּמִנְחָה וְנֵסֶךְ לֹא תִסְּכוּ עָלָיו׃ וְכִפֶּר אַהֲרֹן עַל־
קַרְנֹתָיו אַחַת בַּשָּׁנָה מִדַּם חַטַּאת הַכִּפֻּרִים אַחַת בַּשָּׁנָה
יְכַפֵּר עָלָיו לְדֹרֹתֵיכֶם קֹדֶשׁ־קָדָשִׁים הוּא לַיהוָה׃

פ פ פ כא׃

11 12 וַיְדַבֵּר יְהוָה אֶל־מֹשֶׁה לֵּאמֹר׃ כִּי תִשָּׂא אֶת־רֹאשׁ בְּנֵי־

וויין צו איין לאם: 41 אונד דאס אנדערע לאם זאלסט דוא מקריב זיין צווישען דיא צוויא אבענדען, גלייך אזוי וויא דאס שפייז־אפפער פון דעם מארגען, אונד גלייך אזוי וויא זיינע גיסונג זאלסט דוא מאכען צו איהם, צו א ליבליכען געשמאק, א פייער־אפפער צו גאט:
42 א בעשטענדיגעם בראנד־אפפער צו אייערע געשלעכטער, ביא דיא טהיר פון דעם געצעלט פון דיא פערזאמלונג, פאר גאט, וואו איך וועל מיט אייך דארט צוזאמען קומען, דארט צו דיר צו רעדען: 43 אונד דארט וועל איך צוזאמען קומען מיט דיא קינדער ישראל, אונד עס וועט געהייליגט ווערען מיט מיינע הערליכקייט: 44 אונד איך וועל הייליגען דאס געצעלט פון דיא פער־זאמלונג, אונד דעם מזבח, אונד אהרן אונד זיינע זיהן וועל איך הייליגען, כהנים צו מיר צו זיין: 45 אונד איך וועל וואוינען צווישען דיא קינדער ישראל, אונד איך וועל זיין צו זייא צו איין גאט: 46 אונד זייא זאלען וויסען אז איך בין דער הער זייער גאט, וואס איך האב זייא ארויסגעבראכט אויס דעם לאנד מצרים, כדי איך זאל צווישען זייא וואוינען, איך בין דער הער זייער גאט:

## קאפיטעל ל

1 אונד דוא זאלסט מאכען א מזבח צו דעמפען רויך־ווערק, פון שטים־האלץ זאלסט דוא איהם מאכען: 2 איינע איל זאל זיין זיינע לענג, אונד איינע איל זיינע ברייט, פירעקעדיג זאל ער זיין, אונד צוויא איילען זיינע הייך, זיינע הערנער זאלען זיין פון איהם: 3 אונד דוא זאלסט איהם איבערציהען מיט ריין גאלד, זיין דאך אונד זיינע ווענד רינגסארום, אונד זיינע הערנער, אונד דוא זאלסט מאכען צו איהם א גאלדענעם קראנץ רינגסארום: 4 אונד צוויא גאלדענע רינגען זאלסט דוא מאכען צו איהם, פון אונטען צו זיין קראנץ, אונד זיינע צוויא עקען זאלסט דוא מאכען אויף זיינע צוויא זייטען, אונד זייא זאלען זיין צו הייזער צו דיא טראג־שטאנגען, איהם מיט זייא צו טראגען: 5 אונד דוא זאלסט מאכען דיא טראג־שטאנגען פון שטים־האלץ, אונד דוא זאלסט זייא איבערציהען מיט גאלד: 6 אונד דוא זאלסט איהם זעצען פאר דעם פארהאנג וואס איז ביא דעם קאסטען פון דעם צייגניס, פאר דעם איבער־דעקעל (כפרת) וואס איז ביא דעם צייגניס, וואו איך וועל מיט דיר דארט צוזאמענקומען: 7 אונד אהרן זאל אויף איהם דעמפען רויך־ווערק פון וואוילשמעקענדע געווערק, אלע מארגען, ווען ער מאכט צורעכט דיא לאמפען, זאל ער עס דעמפען: 8 אונד ווען אהרן צינדעט אן דיא לאמפען צווישען דיא צוויא אבענדען, זאל ער עס דעמפען א בעשטענדיג רויך־ווערק פאר גאט צו אייערע געשלעכטער: 9 איהר זאלט ניט מקריב זיין אויף איהם קיין פרעמדעם רויך־ווערק, אונד קיין בראנד־אפפער, אונד קיין שפייז־אפפער, אונד קיינע גיסונג זאלט איהר אויף איהם ניט גיסען: 10 אונד אהרן זאל מכפר זיין איינמאל אין דעם יאהר אויף זיינע הערנער פון דעם בלוט פון דעם זינד־אפפער פון דיא פערזעהנונג (הכפורים), איינמאל אין דעם יאהר זאל ער מכפר זיין אויף איהם צו אייערע געשלעכטער, דאס איז גאנץ הייליג צו גאט:

## כי תשא

11 אונד גאט האט גערעדט צו משה אזוי צו זאגען: 12 ווען דוא וועסט אויפנעמען (איבערציילען) דיא קעפ פון דיא קינדער ישראל

צו

יִשְׂרָאֵל לִפְקֻדֵיהֶם וְנָתְנוּ אִישׁ כֹּפֶר נַפְשׁוֹ לַיהוָה בִּפְקֹד
13 אֹתָם וְלֹא־יִהְיֶה בָהֶם נֶגֶף בִּפְקֹד אֹתָם: זֶה ׀ יִתְּנוּ כָּל־
הָעֹבֵר עַל־הַפְּקֻדִים מַחֲצִית הַשֶּׁקֶל בְּשֶׁקֶל הַקֹּדֶשׁ עֶשְׂרִים
14 גֵּרָה הַשֶּׁקֶל מַחֲצִית הַשֶּׁקֶל תְּרוּמָה לַיהוָה: כֹּל הָעֹבֵר
עַל־הַפְּקֻדִים מִבֶּן עֶשְׂרִים שָׁנָה וָמָעְלָה יִתֵּן תְּרוּמַת יְהוָה:
טו הֶעָשִׁיר לֹא־יַרְבֶּה וְהַדַּל לֹא יַמְעִיט מִמַּחֲצִית הַשָּׁקֶל
16 לָתֵת אֶת־תְּרוּמַת יְהוָה לְכַפֵּר עַל־נַפְשֹׁתֵיכֶם: וְלָקַחְתָּ אֶת־
כֶּסֶף הַכִּפֻּרִים מֵאֵת בְּנֵי יִשְׂרָאֵל וְנָתַתָּ אֹתוֹ עַל־עֲבֹדַת
אֹהֶל מוֹעֵד וְהָיָה לִבְנֵי יִשְׂרָאֵל לְזִכָּרוֹן לִפְנֵי יְהוָה לְכַפֵּר
עַל־נַפְשֹׁתֵיכֶם: פ
17 וַיְדַבֵּר יְהוָה אֶל־מֹשֶׁה לֵּאמֹר: וְעָשִׂיתָ כִּיּוֹר נְחֹשֶׁת וְכַנּוֹ
18 נְחֹשֶׁת לְרָחְצָה וְנָתַתָּ אֹתוֹ בֵּין־אֹהֶל מוֹעֵד וּבֵין הַמִּזְבֵּחַ
19 וְנָתַתָּ שָׁמָּה מָיִם: וְרָחֲצוּ אַהֲרֹן וּבָנָיו מִמֶּנּוּ אֶת־יְדֵיהֶם
כ וְאֶת־רַגְלֵיהֶם: בְּבֹאָם אֶל־אֹהֶל מוֹעֵד יִרְחֲצוּ־מַיִם וְלֹא
יָמֻתוּ אוֹ בְגִשְׁתָּם אֶל־הַמִּזְבֵּחַ לְשָׁרֵת לְהַקְטִיר. אִשֶּׁה
21 לַיהוָה: וְרָחֲצוּ יְדֵיהֶם וְרַגְלֵיהֶם וְלֹא יָמֻתוּ וְהָיְתָה לָהֶם
חָק־עוֹלָם לוֹ וּלְזַרְעוֹ לְדֹרֹתָם: פ
22 וַיְדַבֵּר יְהוָה אֶל־מֹשֶׁה לֵּאמֹר: וְאַתָּה קַח־לְךָ בְּשָׂמִים
23 רֹאשׁ מָר־דְּרוֹר חֲמֵשׁ מֵאוֹת וְקִנְּמָן־בֶּשֶׂם מַחֲצִיתוֹ חֲמִשִּׁים
24 וּמָאתָיִם וּקְנֵה־בֹשֶׂם חֲמִשִּׁים וּמָאתָיִם: וְקִדָּה חֲמֵשׁ
כה מֵאוֹת בְּשֶׁקֶל הַקֹּדֶשׁ וְשֶׁמֶן זַיִת הִין: וְעָשִׂיתָ אֹתוֹ שֶׁמֶן
מִשְׁחַת־קֹדֶשׁ רֹקַח מִרְקַחַת מַעֲשֵׂה רֹקֵחַ שֶׁמֶן מִשְׁחַת־
26 קֹדֶשׁ יִהְיֶה: וּמָשַׁחְתָּ בוֹ אֶת־אֹהֶל מוֹעֵד וְאֵת אֲרוֹן הָעֵדֻת:
27 וְאֶת־הַשֻּׁלְחָן וְאֶת־כָּל־כֵּלָיו וְאֶת־הַמְּנֹרָה וְאֶת־כֵּלֶיהָ וְאֵת
28 מִזְבַּח הַקְּטֹרֶת: וְאֶת־מִזְבַּח הָעֹלָה וְאֶת־כָּל־כֵּלָיו וְאֶת־
29 הַכִּיֹּר וְאֶת־כַּנּוֹ: וְקִדַּשְׁתָּ אֹתָם וְהָיוּ קֹדֶשׁ קָדָשִׁים כָּל־
ל הַנֹּגֵעַ בָּהֶם יִקְדָּשׁ: וְאֶת־אַהֲרֹן וְאֶת־בָּנָיו תִּמְשָׁח וְקִדַּשְׁתָּ
31 אֹתָם לְכַהֵן לִי: וְאֶל־בְּנֵי יִשְׂרָאֵל תְּדַבֵּר לֵאמֹר שֶׁמֶן

צוּ זַייעֶרע צֵיילוּנְגֶען, אַזוֹי זָאל אִיטְלִיכֶער גֶעבֶּען אֵיינֶע אוֹיסְלֵייזוּנְג פַאר זַיין נֶפֶשׁ צוּ גָאט, וֶוען מֶען צֵיילְט זַייא, אַז עֶס זָאל נִיט זַיין קֵיינֶע פְּלָאג אוֹיף זַייא וֶוען מֶען צֵיילְט זַייא: 13 דָאס דָאזִיגֶע זָאלֶען זַייא גֶעבֶּען, אִיטְלִיכֶער וָואס גֵייט וֶועגֶען דִיא צֵיילוּנְג, אַ הַאלְבֶּען שֶׁקֶל, נָאךְ דֶעם הֵיילִיגֶען שֶׁקֶל נָאךְ, דֶער שֶׁקֶל אִיז צְוַואנְצִיג גֵרָה, אַ הַאלְבֶּער שֶׁקֶל זָאל זַיין אֵיינֶע אָפְּשֵׁיידוּנְג צוּ גָאט: 14 אִיטְלִיכֶער וָואס גֵייט אַרִיבֶּער פוּן דִיא גֶעצֵיילְטֶע, פוּן צְוַואנְצִיג יָאהְר אַלְט אוּנְד דָארִיבֶּער, זָאל גֶעבֶּען דִיא אָפְּשֵׁיידוּנְג פוּן גָאט: 15 דֶער רֵייכֶער זָאל נִיט מֶעהְר גֶעבֶּען אוּנְד דֶער אָרְמֶער זָאל נִיט וֵוייניגֶער גֶעבֶּען פוּן דֶעם הַאלְבֶּען שֶׁקֶל, צוּ גֶעבֶּען דִיא אָפְּשֵׁיידוּנְג פוּן גָאט, מְכַפֵּר צוּ זַיין פַאר אֵיירֶע זֶעלֶען: 16 אוּנְד דוּא זָאלְסְט נֶעמֶען דָאס גֶעלְד פוּן דִיא פַארְזֶעהְנוּנְג (כִּפּוּרִים) פוּן דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל, אוּנְד דוּא זָאלְסְט עֶס גֶעבֶּען צוּ דֶעם דִינְסְט פוּן דֶעם גֶעצֶעלְט פוּן דִיא פֶערְזַאמְלוּנְג, אוּנְד עֶס זָאל זַיין צוּ דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל צוּ אַ גֶעדֶכְטְנִיס פַאר גָאט מְכַפֵּר צוּ זַיין אוֹיף אֵיירֶע זֶעלֶען:

17 אוּנְד גָאט הָאט גֶערֶעט צוּ מֹשֶׁה אַזוֹי צוּ זָאגֶען: 18 אוּנְד דוּא זָאלְסְט מַאכֶען אַ הַאנְדְבֶּעקֶען פוּן קוּפֶּער, אוּנְד זַיין פוּס פוּן קוּפֶּער, צוּ וַואשֶׁען, אוּנְד דוּא זָאלְסְט אִיהְם זֶעצֶען צְווִישֶׁען דֶעם גֶעצֶעלְט פוּן דִיא פֶערְזַאמְלוּנְג, אוּנְד צְווִישֶׁען דֶעם מִזְבֵּחַ, אוּנְד דוּא זָאלְסְט דָארְט אַרֵיינְגִיסֶען וַואסֶער: 19 אוּנְד אַהֲרֹן אוּנְד זֵיינֶע זִיהְן זָאלֶען זִיךְ וַואשֶׁען אוֹיס אִיהְם זַיירֶע הֶענְד אוּנְד זַיירֶע פִּיס: 20 וֶוען זַייא קוּמֶען אִין דֶעם גֶע־צֶעלְט פוּן דִיא פֶערְזַאמְלוּנְג, זָאלֶען זַייא זִיךְ וַואשֶׁען מִיט וַואסֶער, אַז זַייא זָאלֶען נִיט שְׁטַארְבֶּען, אָדֶער וֶוען זַייא גֶענֶעהֶנֶען צוּ דֶעם מִזְבֵּחַ, צוּ דִינֶען, צוּ דֶעמְפֶּען אַ פֵייעֶר אָפְּפֶער צוּ גָאט: 21 אוּנְד זַייא זָאלֶען וַואשֶׁען זַיירֶע הֶענְד אוּנְד זַיירֶע פִּיס, אַז זַייא זָאלֶען נִיט שְׁטַארְבֶּען, אוּנְד עֶס זָאל זַיין צוּ אֵייבִּיגֶעס גֶעזֶעץ, צוּ אִיהְם אוּנְד צוּ זַיין זָאמֶען צוּ זַיירֶע גֶעשְׁלֶעכְטֶער:

22 אוּנְד גָאט הָאט גֶערֶעט צוּ מֹשֶׁה אַזוֹי צוּ זָאגֶען: 23 אוּנְד דוּא, נֶעם דִיר דִיא פָארְנֶעמְסְטֶע גֶעווֶערְץ, רֵיינֶע נֶעגְלִיךְ פִינְף הוּנְדֶערְט (שְׁקָלִים), אוּנְד פוּן וְואוִיל שְׁמֶעקֶענְדֶע צִימֶערִינְד זֵיינֶע הֶעלְפְט, צְווֵייא הוּנְדֶערְט אוּנְד פוּפְצִיג (שְׁקָלִים) אוּנְד גֶעווֶערְץ רָאהְרֶען צְווֵייא הוּנְדֶערְט אוּנְד פוּפְצִיג (שְׁקָלִים): 24 אוּנְד קַאסְיָא פִינְף הוּנְדֶערְט (שְׁקָלִים) נָאךְ דֶעם הֵיילִיגֶען שֶׁקֶל נָאךְ, אוּנְד בּוֹימְ־אֵייל אֵיין הִין: 25 אוּנְד דוּא זָאלְסְט דַארוֹיס מַאכֶען דָאס אֵייל צוּ דִיא הֵיילִיגֶע זַאלְבּוּנְג, גַאנְץ קִינְסְטְלִיךְ גֶעמַאכְט, נָאךְ דִיא קוּנְסְט פוּן דֶעם אַפָּאטֶעקֶער, עֶס זָאל זַיין אֵייל צוּ דִיא הֵיילִיגֶע זַאלְבּוּנְג: 26 אוּנְד דוּא זָאלְסְט מִיט אִיהְם זַאלְבֶּען דָאס גֶעצֶעלְט פוּן דִיא פֶערְזַאמְלוּנְג, אוּנְד דֶעם קַאסְטֶען פוּן דֶעם צֵייגְנִיס: 27 אוּנְד דֶעם טִישׁ אוּנְד אַלֶע זֵיינֶע כֵּלִים, אוּנְד דֶעם לֵייכְטֶער אוּנְד זֵיינֶע כֵּלִים, אוּנְד דֶעם מִזְבֵּחַ פוּן רוֹיךְ וֶוערְק: 28 אוּנְד דֶעם מִזְבֵּחַ פוּן בְּרַאנְד־אָפְּפֶער, אוּנְד אַלֶע זֵיינֶע כֵּלִים אוּנְד דֶעם הַאנְדְבֶּעקֶען אוּנְד זַיין פוּס: 29 אוּנְד דוּא זָאלְסְט זַייא הֵיילִיגֶען, אוּנְד זַייא זָאלֶען גַאנְץ הֵיילִיג זַיין, אִיטְלִיכֶער וָואס רִיהְרְט זַייא אָן זָאל זַיין הֵיילִיג: 30 אוּנְד אַהֲרֹן אוּנְד זֵיינֶע זִיהְן זָאלְסְט דוּא זַאלְבֶּען, אוּנְד דוּא זָאלְסְט זַייא הֵיילִיגֶען כֹּהֲנִים צוּ מִיר צוּ זַיין: 31 אוּנְד צוּ דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל זָאלְסְט דוּא זָאגֶען,

11 אֶל־אֶחָת׃ וַיַּעַשׂ לֻלְאֹת תְּכֵלֶת עַל שְׂפַת הַיְרִיעָה הָאֶחָת
מִקָּצָה בַּמַּחְבָּרֶת כֵּן עָשָׂה בִּשְׂפַת הַיְרִיעָה הַקִּיצוֹנָה
12 בַּמַּחְבֶּרֶת הַשֵּׁנִית׃ חֲמִשִּׁים לֻלָאֹת עָשָׂה בַּיְרִיעָה הָאֶחָת
חֲמִשִּׁים לֻלָאֹת עָשָׂה בִּקְצֵה הַיְרִיעָה אֲשֶׁר בַּמַּחְבֶּרֶת
13 הַשֵּׁנִית מַקְבִּילֹת הַלֻּלָאֹת אַחַת אֶל־אֶחָת׃ וַיַּעַשׂ חֲמִשִּׁים
קַרְסֵי זָהָב וַיְחַבֵּר אֶת־הַיְרִיעֹת אַחַת אֶל־אַחַת בַּקְּרָסִים
וַיְהִי הַמִּשְׁכָּן אֶחָד׃ פ
14 וַיַּעַשׂ יְרִיעֹת עִזִּים לְאֹהֶל עַל־הַמִּשְׁכָּן עַשְׁתֵּי־עֶשְׂרֵה יְרִיעֹת
טו עָשָׂה אֹתָם׃ אֹרֶךְ הַיְרִיעָה הָאַחַת שְׁלֹשִׁים בָּאַמָּה וְאַרְבַּע
אַמּוֹת רֹחַב הַיְרִיעָה הָאֶחָת מִדָּה אַחַת לְעַשְׁתֵּי עֶשְׂרֵה
16 יְרִיעֹת׃ וַיְחַבֵּר אֶת־חֲמֵשׁ הַיְרִיעֹת לְבָד וְאֶת־שֵׁשׁ הַיְרִיעֹת
17 לְבָד׃ וַיַּעַשׂ לֻלָאֹת חֲמִשִּׁים עַל שְׂפַת הַיְרִיעָה הַקִּיצֹנָה
בַּמַּחְבָּרֶת וַחֲמִשִּׁים לֻלָאֹת עָשָׂה עַל־שְׂפַת הַיְרִיעָה הַחֹבֶרֶת
18 הַשֵּׁנִית׃ וַיַּעַשׂ קַרְסֵי נְחֹשֶׁת חֲמִשִּׁים לְחַבֵּר אֶת־הָאֹהֶל
19 לִהְיֹת אֶחָד׃ וַיַּעַשׂ מִכְסֶה לָאֹהֶל עֹרֹת אֵילִם מְאָדָּמִים
כ וּמִכְסֵה עֹרֹת תְּחָשִׁים מִלְמָעְלָה׃ ס וַיַּעַשׂ אֶת־הַקְּרָשִׁים
21 לַמִּשְׁכָּן עֲצֵי שִׁטִּים עֹמְדִים׃ עֶשֶׂר אַמֹּת אֹרֶךְ הַקָּרֶשׁ
22 וְאַמָּה וַחֲצִי הָאַמָּה רֹחַב הַקֶּרֶשׁ הָאֶחָד׃ שְׁתֵּי יָדֹת לַקֶּרֶשׁ
הָאֶחָד מְשֻׁלָּבֹת אַחַת אֶל־אֶחָת כֵּן עָשָׂה לְכֹל קַרְשֵׁי
23 הַמִּשְׁכָּן׃ וַיַּעַשׂ אֶת־הַקְּרָשִׁים לַמִּשְׁכָּן עֶשְׂרִים קְרָשִׁים
24 לִפְאַת נֶגֶב תֵּימָנָה׃ וְאַרְבָּעִים אַדְנֵי־כֶסֶף עָשָׂה תַּחַת
עֶשְׂרִים הַקְּרָשִׁים שְׁנֵי אֲדָנִים תַּחַת־הַקֶּרֶשׁ הָאֶחָד לִשְׁתֵּי
יְדֹתָיו וּשְׁנֵי אֲדָנִים תַּחַת־הַקֶּרֶשׁ הָאֶחָד לִשְׁתֵּי יְדֹתָיו׃
כה וּלְצֶלַע הַמִּשְׁכָּן הַשֵּׁנִית לִפְאַת צָפוֹן עָשָׂה עֶשְׂרִים קְרָשִׁים׃
26 וְאַרְבָּעִים אַדְנֵיהֶם כָּסֶף שְׁנֵי אֲדָנִים תַּחַת הַקֶּרֶשׁ הָאֶחָד
27 וּשְׁנֵי אֲדָנִים תַּחַת הַקֶּרֶשׁ הָאֶחָד׃ וּלְיַרְכְּתֵי הַמִּשְׁכָּן יָמָּה
28 עָשָׂה שִׁשָּׁה קְרָשִׁים׃ וּשְׁנֵי קְרָשִׁים עָשָׂה לִמְקֻצְעֹת הַמִּשְׁכָּן
29 בַּיַּרְכָתָיִם׃ וְהָיוּ תוֹאֲמִם מִלְּמַטָּה וְיַחְדָּו יִהְיוּ תַמִּים אֶל־

צוּ דִיא אַנְדֶערֶע׃ 11 אוּנְד מֶען הָאט גֶעמַאכְט דִיא שְׁלֵייפְלֶעךְ פוּן בְּלוֹיא אוֹיף דֶעם זוֹים פוּן אֵיינֶע אִיבֶּערְהֶענְג, פוּן דֶעם עֶנְד אָן דִיא בֶּעהֶעפְטוּנְג, אַזוֹי הָאט מֶען גֶעמַאכְט אָן דֶעם זוֹים פוּן דִיא אוֹיסֶעוֶוייניגְסְטֶע אִיבֶּערְהַאנְג, אָן דִיא אַנְדֶערֶע בֶּעהֶעפְטוּנְג׃ 12 פוּפְצִיג שְׁלֵייפְלֶעךְ הָאט מֶען גֶעמַאכְט אָן דִיא אֵיינֶע אִיבֶּערְהַאנְג, אוּנְד פוּפְצִיג שְׁלֵייפְלֶעךְ הָאט מֶען גֶעמַאכְט אָן דֶעם עֶנְד פוּן דִיא אִיבֶּערְהַאנְג וָואס אִיז אִין דִיא אַנְדֶערֶע בֶּעהֶעפְטוּנְג, דִיא שְׁלֵייפְלֶעךְ זֶענֶען גֶעפִיגְט גֶעוָוארֶען אֵיינֶע צוּ דִיא אַנְדֶערֶע׃ 13 אוּנְד מֶען הָאט גֶעמַאכְט פוּפְצִיג גָאלְדֶענֶע הֶעקֶעלֶעךְ, אוּנְד מֶען הָאט בֶּעהֶעפְטֶעט דִיא אִיבֶּערְהַאנְג אֵיינֶע צוּ דִיא אַנְדֶערֶע מִיט דִיא הֶעקֶעלֶעךְ, אוּנְד דָאס מִשְׁכָּן אִיז גֶעוָוארֶען אֵיינְס׃

14 אוּנְד מֶען הָאט גֶעמַאכְט דִיא אִיבֶּערְהֶענְג פוּן צִיגֶען הָאר צוּ דֶעם גֶעצֶעלְט אִיבֶּער דֶעם מִשְׁכָּן, עֶלֶעף אִיבֶּערְהֶענְג הָאט מֶען זֵייא גֶעמַאכְט׃ 15 דִיא לֶענְג פוּן אֵיין אִיבֶּערְהַאנְג דְרֵייסִיג אֵילֶען, אוּנְד פִיעֶר אֵילֶען דִיא בְּרֵייט פוּן אֵיין אִיבֶּערְהַאנְג, אֵיין מָאס צוּ דִיא עֶלֶעף אִיבֶּערְהֶענְג׃ 16 אוּנְד מֶען הָאט בֶּעהֶעפְטֶעט פִינְף אִיבֶּערְהֶענְג בֶּעזוּנְדֶער, אוּנְד זֶעקְס אִיבֶּערְהֶענְג בֶּעזוּנְדֶער׃ 17 אוּנְד עֶר הָאט גֶעמַאכְט פוּפְצִיג שְׁלֵייפְלֶעךְ אוֹיף דֶעם זוֹים פוּן דֶעם אוֹיסֶענְוֶוייניגְסְטֶען אִיבֶּערְהַאנְג אָן דִיא בֶּעהֶעפְטוּנְג, אוּנְד פוּפְצִיג שְׁלֵייפְלֶעךְ הָאט מֶען גֶעמַאכְט אוֹיף דֶעם זוֹים פוּן דֶעם אַנְדֶערֶען אִיבֶּערְהַאנְג וָואס בֶּעהֶעפְטֶעט׃ 18 אוּנְד עֶר הָאט גֶעמַאכְט פוּפְצִיג הֶעקֶעלֶעךְ פוּן קוּפֶּער צוּ בֶּעהֶעפְטֶען דָאס גֶעצֶעלְט אַז עֶס זָאל אֵיינְס וֶוערֶען׃ 19 אוּנְד עֶר הָאט גֶעמַאכְט אֵיין אִיבֶּערְדֶעק צוּ דֶעם גֶעצֶעלְט, רוֹיט גֶעפַארְבְּטֶע פֶעל פוּן וִוידֶער, אוּנְד אֵיין אִיבֶּערְדֶעק פוּן תְּחָשִׁים פֶעל פוּן אוֹיבֶּען׃ 20 אוּנְד עֶר הָאט גֶעמַאכְט דִיא בְּרֶעטֶער פוּן דֶעם מִשְׁכָּן אוֹיס שִׁטִים הָאלְץ, שְׁטֵייעֶנְדִיג׃ 21 צֶעהְן אֵילֶען דִיא לֶענְג פוּן אֵיין בְּרֶעט, אוּנְד אַנְדֶערְטְהַאלְבּ אֵילֶען דִיא בְּרֵייט פוּן אֵיין בְּרֶעט׃ 22 צְוֵויא שְׁפִּיצֶען צוּ אִיטְלִיכֶען בְּרֶעט, גֶעפִיגְט אֵיינְס צוּ דֶעם אַנְדֶערֶען, אַזוֹי הָאט עֶר גֶעמַאכְט צוּ אַלֶע בְּרֶעטֶער פוּן דֶעם מִשְׁכָּן׃ 23 אוּנְד עֶר הָאט גֶעמַאכְט דִיא בְּרֶעטֶער צוּ דֶעם מִשְׁכָּן, צְוַואנְצִיג בְּרֶעטֶער אָן דִיא זֵייט קֶעגֶען דָרוֹם׃ 24 אוּנְד פִירְצִיג זִילְבֶּערְנֶע שְׁוֶועל הָאט עֶר גֶעמַאכְט צוּ דִיא צְוַואנְצִיג בְּרֶעטֶער, צְוֵויא שְׁוֶועל אוּנְטֶער אֵיין בְּרֶעט צוּ זֵיינֶע צְוֵויא שְׁפִּיצֶען, אוּנְד צְוֵויא שְׁוֶועל אוּנְטֶער אֵיין בְּרֶעט צוּ זֵיינֶע צְוֵויא שְׁפִּיצֶען׃ 25 אוּנְד צוּ דִיא אַנְדֶערֶע זֵייט פוּן דֶעם מִשְׁכָּן קֶעגֶען צָפוֹן, הָאט מֶען גֶעמַאכְט צְוַואנְצִיג בְּרֶעטֶער׃ 26 אוּנְד זֵייעֶרֶע פֶערְצִיג זִילְבֶּערְנֶע שְׁוֶועל, צְוֵויא שְׁוֶועל אוּנְטֶער אֵיין בְּרֶעט, אוּנְד צְוֵויא שְׁוֶועל אוּנְטֶער אֵיין בְּרֶעט׃ 27 אוּנְד צוּ דִיא זֵייטֶען פוּן דֶעם מִשְׁכָּן קֶעגֶען מַעֲרָב הָאט מֶען גֶעמַאכְט זֶעקְס בְּרֶעטֶער׃ 28 אוּנְד צְוֵויא בְּרֶעטֶער הָאט מֶען גֶעמַאכְט צוּ דִיא וִוינְקֶעל פוּן דֶעם מִשְׁכָּן אָן דִיא זֵייטֶען׃ 29 אוּנְד זֵייא זֶענֶען גֶעוֶועזֶען דָאפֶּעלְט פוּן אוּנְטֶען, אוּנְד זֵייא זֶענֶען גֶעוֶועזֶען צוּזַאמֶען גֶעפִיגְט צוּ

זיין

זיין שפיץ צו איין רינג, אזוי האט מען געמאכט צו זייא ביידע, צו די צווייא ווינקעל: 30 אונד עס זענען געוועזען אכט ברעטער, אונד זיירע זילבערנע שוועל, זעכצעהן שוועל, צווייא שוועל, צווייא שוועל אונטער איין ברעט: 31 אונד מען האט געמאכט ריגעל פון שטים־האלץ, פינף צו די ברעטער פון די איינע זייט פון דעם משכן: 32 אונד פינף ריגעל צו די ברעטער פון די אנדערע זייט פון דעם משכן, אונד פינף ריגעל צו די ברעטער פון דעם משכן צו די זייטען קעגען מערב: 33 אונד מען האט געמאכט די מיטעלסטע ריגעל צו ריגעלן אין צווישען די ברעטער פון איינעם ענד צו דעם אנדערן ענד: 34 אונד די ברעטער האט מען איבער־צויגען מיט גאלד, אונד זיירע רינגען האט מען געמאכט פון גאלד, הייזער צו די ריגעל, אונד מען האט איבערצויגען די ריגעל מיט גאלד: 35 אונד מען האט געמאכט דעם פארהאנג, בלויא, אונד פורפור, אונד קארמיזין, אונד געצווירנטע ליינען, קינסטליך ווערק האט מען עס געמאכט מיט כרובים: 36 אונד מען האט געמאכט צו איהר פיער זיילען פון שטים־האלץ, אונד מען האט זייא איבערצויגען מיט גאלד, זיירע העקעלעך פון גאלד, אונד מען האט צו זייא געגאסען פיער זילבערנע שוועל: 37 אונד מען האט געמאכט א דעק צו די טיר פון דעם געצעלט, בלויא, אונד פורפור, אונד קארמיזין, אונד געצווירנטע ליינען, געשטיקט ווערק: 38 אונד זיינע פינף זיילען אונד זיינע העקעלעך, אונד מען האט איבערצויגען זיירע שפיצען אונד זיירע גורט־בענדער מיט גאלד, אונד זיירע פינף שוועל זענען געוועזען קופער:

רָאשׁוֹ אֶל־הַטַּבַּעַת הָאֶחָת כֵּן עָשָׂה לִשְׁנֵיהֶם לִשְׁנֵי
הַמִּקְצֹעֹת׃ וְהָיוּ שְׁמֹנָה קְרָשִׁים וְאַדְנֵיהֶם כֶּסֶף שִׁשָּׁה עָשָׂר ל
אֲדָנִים שְׁנֵי אֲדָנִים תַּחַת הַקֶּרֶשׁ הָאֶחָד׃ וַיַּעַשׂ 31
בְרִיחֵי עֲצֵי שִׁטִּים חֲמִשָּׁה לְקַרְשֵׁי צֶלַע־הַמִּשְׁכָּן הָאֶחָת׃
וַחֲמִשָּׁה בְרִיחִם לְקַרְשֵׁי צֶלַע־הַמִּשְׁכָּן הַשֵּׁנִית וַחֲמִשָּׁה 32
בְרִיחִם לְקַרְשֵׁי הַמִּשְׁכָּן לַיַּרְכָתַיִם יָמָּה׃ וַיַּעַשׂ אֶת־הַבְּרִיחַ 33
הַתִּיכֹן לִבְרֹחַ בְּתוֹךְ הַקְּרָשִׁים מִן־הַקָּצֶה אֶל־הַקָּצֶה׃ וְאֶת־ 34
הַקְּרָשִׁים צִפָּה זָהָב וְאֶת־טַבְּעֹתָם עָשָׂה זָהָב בָּתִּים לַבְּרִיחִם
וַיְצַף אֶת־הַבְּרִיחִם זָהָב׃ וַיַּעַשׂ אֶת־הַפָּרֹכֶת תְּכֵלֶת וְאַרְגָּמָן לה
וְתוֹלַעַת שָׁנִי וְשֵׁשׁ מָשְׁזָר מַעֲשֵׂה חֹשֵׁב עָשָׂה אֹתָהּ כְּרֻבִים׃
וַיַּעַשׂ לָהּ אַרְבָּעָה עַמּוּדֵי שִׁטִּים וַיְצַפֵּם זָהָב וָוֵיהֶם זָהָב 36
וַיִּצֹק לָהֶם אַרְבָּעָה אַדְנֵי־כָסֶף׃ וַיַּעַשׂ מָסָךְ לְפֶתַח הָאֹהֶל 37
תְּכֵלֶת וְאַרְגָּמָן וְתוֹלַעַת שָׁנִי וְשֵׁשׁ מָשְׁזָר מַעֲשֵׂה רֹקֵם׃
וְאֶת־עַמּוּדָיו חֲמִשָּׁה וְאֶת־וָוֵיהֶם וְצִפָּה רָאשֵׁיהֶם וַחֲשֻׁקֵיהֶם 38
זָהָב וְאַדְנֵיהֶם חֲמִשָּׁה נְחֹשֶׁת׃ פ

לז

לז
וַיַּעַשׂ בְּצַלְאֵל אֶת־הָאָרֹן עֲצֵי שִׁטִּים אַמָּתַיִם וָחֵצִי אָרְכּוֹ א
וְאַמָּה וָחֵצִי רָחְבּוֹ וְאַמָּה וָחֵצִי קֹמָתוֹ׃ וַיְצַפֵּהוּ זָהָב טָהוֹר 2
מִבַּיִת וּמִחוּץ וַיַּעַשׂ לוֹ זֵר זָהָב סָבִיב׃ וַיִּצֹק לוֹ אַרְבַּע 3
טַבְּעֹת זָהָב עַל אַרְבַּע פַּעֲמֹתָיו וּשְׁתֵּי טַבָּעֹת עַל־צַלְעוֹ
הָאֶחָת וּשְׁתֵּי טַבָּעֹת עַל־צַלְעוֹ הַשֵּׁנִית׃ וַיַּעַשׂ בַּדֵּי עֲצֵי 4
שִׁטִּים וַיְצַף אֹתָם זָהָב׃ וַיָּבֵא אֶת־הַבַּדִּים בַּטַּבָּעֹת עַל ה
צַלְעֹת הָאָרֹן לָשֵׂאת אֶת־הָאָרֹן׃ וַיַּעַשׂ כַּפֹּרֶת זָהָב טָהוֹר 6
אַמָּתַיִם וָחֵצִי אָרְכָּהּ וְאַמָּה וָחֵצִי רָחְבָּהּ׃ וַיַּעַשׂ שְׁנֵי כְרֻבִים 7
זָהָב מִקְשָׁה עָשָׂה אֹתָם מִשְּׁנֵי קְצוֹת הַכַּפֹּרֶת׃ כְּרוּב אֶחָד 8
מִקָּצָה מִזֶּה וּכְרוּב־אֶחָד מִקָּצָה מִזֶּה מִן־הַכַּפֹּרֶת עָשָׂה
אֶת־הַכְּרֻבִים מִשְּׁנֵי קְצוֹוֹתָו׃ וַיִּהְיוּ הַכְּרֻבִים פֹּרְשֵׂי כְנָפַיִם 9

## קאפיטעל לז

1 אונד בצלאל האט געמאכט דעם קאסטען פון שטים־האלץ, דריטהאלב איילען זיינע לענג, אונד אנדערטהאלב איילען זיינע ברייט, אונד אנדערטהאלב איילען זיינע הייך: 2 אונד ער האט איהם איבערצויגען מיט ריין גאלד פון אינעווייניג אונד פון אויסעווייניג, אונד ער האט צו איהם געמאכט א גאלדענעם קראנץ רינגסארום: 3 אונד ער האט צו איהם געגאסען פיער גאלדענע רינגען אויף זיינע פיער עקען, אונד צווייא רינגען זענען געוועזען אויף זיינע איינע זייט, אונד צווייא רינגען זענען געוועזען אויף זיינע אנדערע זייט: 4 אונד ער האט געמאכט טראג־שטאנגען פון שטים־האלץ, אונד ער האט זייא איבערצויגען מיט גאלד: 5 אונד ער האט געברענגט די טראג־שטאנגען אין די רינגען אויף די זייטען פון דעם קאסטען, צו טראגען דעם קאסטען: 6 אונד ער האט געמאכט איין איבער־דעקעל (כפרת) פון ריין גאלד, דריטהאלב איילען זיינע לענג, אונד אנדערטהאלב איילען זיינע ברייט: 7 אונד ער האט געמאכט צווייא כרובים פון גאלד, געהעמערט ווערק האט ער זייא געמאכט פון די צווייא עקען פון דעם איבער־דעקעל (כפרת): 8 איין כרוב פון דעם עק אונד איין כרוב פון דעם אנדערן עק פון דעם איבער־דעקעל (כפרת) האט ער געמאכט די כרובים פון זיינע צווייא עקען: 9 אונד די כרובים האבען אויסגעשפרייט די פליגעל

לְמַעְלָה סֹכְכִים בְּכַנְפֵיהֶם עַל־הַכַּפֹּרֶת וּפְנֵיהֶם אִישׁ אֶל־
אָחִיו אֶל־הַכַּפֹּרֶת הָיוּ פְּנֵי הַכְּרֻבִים׃ פ
י וַיַּעַשׂ אֶת־הַשֻּׁלְחָן עֲצֵי שִׁטִּים אַמָּתַיִם אָרְכּוֹ וְאַמָּה רָחְבּוֹ
11 וְאַמָּה וָחֵצִי קֹמָתוֹ׃ וַיְצַף אֹתוֹ זָהָב טָהוֹר וַיַּעַשׂ לוֹ זֵר זָהָב
12 סָבִיב׃ וַיַּעַשׂ לוֹ מִסְגֶּרֶת טֹפַח סָבִיב וַיַּעַשׂ זֵר־זָהָב
13 לְמִסְגַּרְתּוֹ סָבִיב׃ וַיִּצֹק לוֹ אַרְבַּע טַבְּעֹת זָהָב וַיִּתֵּן אֶת־
14 הַטַּבָּעֹת עַל אַרְבַּע הַפֵּאֹת אֲשֶׁר לְאַרְבַּע רַגְלָיו׃ לְעֻמַּת
הַמִּסְגֶּרֶת הָיוּ הַטַּבָּעֹת בָּתִּים לַבַּדִּים לָשֵׂאת אֶת־הַשֻּׁלְחָן׃
טו וַיַּעַשׂ אֶת־הַבַּדִּים עֲצֵי שִׁטִּים וַיְצַף אֹתָם זָהָב לָשֵׂאת אֶת־
16 הַשֻּׁלְחָן׃ וַיַּעַשׂ אֶת־הַכֵּלִים ׀ אֲשֶׁר עַל־הַשֻּׁלְחָן אֶת־קְעָרֹתָיו
וְאֶת־כַּפֹּתָיו וְאֵת מְנַקִּיֹּתָיו וְאֶת־הַקְּשָׂוֺת אֲשֶׁר יֻסַּךְ בָּהֵן
זָהָב טָהוֹר׃ פ
17 וַיַּעַשׂ אֶת־הַמְּנֹרָה זָהָב טָהוֹר מִקְשָׁה עָשָׂה אֶת־הַמְּנֹרָה
18 יְרֵכָהּ וְקָנָהּ גְּבִיעֶיהָ כַּפְתֹּרֶיהָ וּפְרָחֶיהָ מִמֶּנָּה הָיוּ׃ וְשִׁשָּׁה
קָנִים יֹצְאִים מִצִּדֶּיהָ שְׁלֹשָׁה ׀ קְנֵי מְנֹרָה מִצִּדָּהּ הָאֶחָד
19 וּשְׁלֹשָׁה קְנֵי מְנֹרָה מִצִּדָּהּ הַשֵּׁנִי׃ שְׁלֹשָׁה גְבִעִים מְשֻׁקָּדִים
בַּקָּנֶה הָאֶחָד כַּפְתֹּר וָפֶרַח וּשְׁלֹשָׁה גְבִעִים מְשֻׁקָּדִים
בְּקָנֶה אֶחָד כַּפְתֹּר וָפָרַח כֵּן לְשֵׁשֶׁת הַקָּנִים הַיֹּצְאִים מִן־
כ הַמְּנֹרָה׃ וּבַמְּנֹרָה אַרְבָּעָה גְבִעִים מְשֻׁקָּדִים כַּפְתֹּרֶיהָ
21 וּפְרָחֶיהָ׃ וְכַפְתֹּר תַּחַת שְׁנֵי הַקָּנִים מִמֶּנָּה וְכַפְתֹּר תַּחַת
שְׁנֵי הַקָּנִים מִמֶּנָּה וְכַפְתֹּר תַּחַת־שְׁנֵי הַקָּנִים מִמֶּנָּה
22 לְשֵׁשֶׁת הַקָּנִים הַיֹּצְאִים מִמֶּנָּה׃ כַּפְתֹּרֵיהֶם וּקְנֹתָם מִמֶּנָּה
23 הָיוּ כֻּלָּהּ מִקְשָׁה אַחַת זָהָב טָהוֹר׃ וַיַּעַשׂ אֶת־נֵרֹתֶיהָ
24 שִׁבְעָה וּמַלְקָחֶיהָ וּמַחְתֹּתֶיהָ זָהָב טָהוֹר׃ כִּכָּר זָהָב טָהוֹר
עָשָׂה אֹתָהּ וְאֵת כָּל־כֵּלֶיהָ׃ פ
כה וַיַּעַשׂ אֶת־מִזְבַּח הַקְּטֹרֶת עֲצֵי שִׁטִּים אַמָּה אָרְכּוֹ וְאַמָּה
26 רָחְבּוֹ רָבוּעַ וְאַמָּתַיִם קֹמָתוֹ מִמֶּנּוּ הָיוּ קַרְנֹתָיו׃ וַיְצַף אֹתוֹ
זָהָב טָהוֹר אֶת־גַּגּוֹ וְאֶת־קִירֹתָיו סָבִיב וְאֶת־קַרְנֹתָיו וַיַּעַשׂ

נאך אויבען זייא האבען בעדעקט מיט זייערע פליגעל דאס איבער־דעקעל (כפרת), אונד זייער פנים איז געוועזען איינער קעגען דעם אנדערן, צו דעם איבער־דעקעל (כפרת) איז געוועזען דאס פנים פון דיא כרובים:

10 אונד ער האט געמאכט דעם טיש פון שטים־האלץ, צוויא איילען זיינע לענג אונד איינע אייל זיינע ברייט אונד אנדערטהאלב איילען זיינע הייך: 11 אונד ער האט איהם איבערצויגען מיט ריין גאלד, אונד ער האט געמאכט צו איהם א קראנץ פון גאלד רינגסארום: 12 אונד ער האט געמאכט צו איהם א ראנד, איינע האנד ברייט, רינגסארום, אונד ער האט געמאכט א גאלדענעם קראנץ צו זיין ראנד רינגסארום: 13 אונד ער האט געגאסען צו איהם פיער גאלדענע רינגען, אונד ער האט געזעצט דיא רינגען אויף דיא פיער עקען וואס זענען געוועזען אויף זיינע פיער פיס: 14 קעגענאיבער דעם ראנד זענען געוועזען דיא רינגען, היזער צו דיא טראג־שטאנגען, דעם טיש צו טראגען: 15 אונד ער האט געמאכט דיא טראג־שטאנגען פון שטים־האלץ, אונד ער האט זייא איבערצויגען מיט גאלד, דעם טיש צו טראגען: 16 אונד ער האט געמאכט דיא כלים וואס זענען געוועזען אויף דעם טיש, זיינע שיסעל, אונד זיינע לעפעל, אונד זיינע בעקען, אונד דיא שאלען, וואס עס איז מיט זייא געגאסען געווארען ריין גאלד:

17 אונד ער האט געמאכט דעם לייכטער פון ריין גאלד, געהעמערט ווערק האט ער געמאכט דעם לייכטער, זיין דיעך אונד זיין ראהר, זיינע בעכער, זיינע קנעפ אונד זיינע בלומען, זענען געוועזען פון איהם: 18 אונד זעקס ראהרען זענען ארויסגעגאנגען פון זיינע זייטען, דרייא ראהרען פון דעם לייכטער פון זיינע איינע זייט, אונד דרייא ראהרען פון דעם לייכטער פון זיינע אנדערע זייט: 19 דרייא בעכער, מאנדעל־פערמיג, אין איינעם ראהר, א קנאפ אונד א בלום, אזוי־צו דיא זעקס ראהרען וואס זענען ארויסגעגאנגען פון דעם לייכטער: 20 אונד אין דעם לייכטער וואַרען פיער בעכער, מאנדעל־פערמיג, זיינע קנעפ אונד זיינע בלומען: 21 אונד א קנאפ אונטער צווייא ראהרען פון איהם, אונד א קנאפ אונטער צווייא ראהרען פון איהם, אונד א קנאפ אונטער צווייא ראהרען פון איהם, צו דיא זעקס ראהרען וואס זענען ארויסגעגאנגען פון איהם: 22 זייערע קנעפ אונד זייערע ראהרען זענען געוועזען פון איהם, דאס גאנצע איין געהעמערט ווערק פון ריין גאלד: 23 אונד ער האט געמאכט זיינע זיבען לאמפען, אונד זיינע צאנגען, אונד זיינע פייער־פאנען פון ריין גאלד:

24 אוים איין צענטנער גאלד האט ער איהם געמאכט, אונד אלע זיינע כלים: 25 אונד ער האט געמאכט דעם מזבח פון רויך־ווערק, שטים־האלץ, איינע אייל זיינע לענג, אונד איינע אייל זיינע ברייט, פיער עקעדיג, אונד צווייא איילען זיינע הייך, זיינע הערנער זענען געוועזען פון איהם: 26 אונד ער האט איהם איבערצויגען מיט ריין גאלד, זיין דאך אונד זיינע ווענד רינגסארום, אונד זיינע הערנער, אונד ער האט

לוֹ זֵר זָהָב סָבִיב׃ וּשְׁתֵּי טַבְּעֹת זָהָב עָשָׂה־לוֹ ׀ מִתַּחַת 27
לְזֵרוֹ עַל שְׁתֵּי צַלְעֹתָיו עַל שְׁנֵי צִדָּיו לְבָתִּים לְבַדִּים לָשֵׂאת
אֹתוֹ בָּהֶם׃ וַיַּעַשׂ אֶת־הַבַּדִּים עֲצֵי שִׁטִּים וַיְצַף אֹתָם 28
זָהָב׃ וַיַּעַשׂ אֶת־שֶׁמֶן הַמִּשְׁחָה קֹדֶשׁ וְאֶת־קְטֹרֶת הַסַּמִּים 29
טָהוֹר מַעֲשֵׂה רֹקֵחַ׃ ס

לח לח

וַיַּעַשׂ אֶת־מִזְבַּח הָעֹלָה עֲצֵי שִׁטִּים חָמֵשׁ אַמּוֹת אָרְכּוֹ א
וְחָמֵשׁ אַמּוֹת רָחְבּוֹ רָבוּעַ וְשָׁלֹשׁ אַמּוֹת קֹמָתוֹ׃ וַיַּעַשׂ 2
קַרְנֹתָיו עַל אַרְבַּע פִּנֹּתָיו מִמֶּנּוּ הָיוּ קַרְנֹתָיו וַיְצַף אֹתוֹ
נְחֹשֶׁת׃ וַיַּעַשׂ אֶת־כָּל־כְּלֵי הַמִּזְבֵּחַ אֶת־הַסִּירֹת וְאֶת־הַיָּעִים 3
וְאֶת־הַמִּזְרָקֹת אֶת־הַמִּזְלָגֹת וְאֶת־הַמַּחְתֹּת כָּל־כֵּלָיו עָשָׂה
נְחֹשֶׁת׃ וַיַּעַשׂ לַמִּזְבֵּחַ מִכְבָּר מַעֲשֵׂה רֶשֶׁת נְחֹשֶׁת תַּחַת 4
כַּרְכֻּבּוֹ מִלְּמַטָּה עַד־חֶצְיוֹ׃ וַיִּצֹק אַרְבַּע טַבָּעֹת בְּאַרְבַּע ה
הַקְּצָוֹת לְמִכְבַּר הַנְּחֹשֶׁת בָּתִּים לַבַּדִּים׃ וַיַּעַשׂ אֶת־הַבַּדִּים 6
עֲצֵי שִׁטִּים וַיְצַף אֹתָם נְחֹשֶׁת׃ וַיָּבֵא אֶת־הַבַּדִּים בַּטַּבָּעֹת 7
עַל צַלְעֹת הַמִּזְבֵּחַ לָשֵׂאת אֹתוֹ בָּהֶם נְבוּב לֻחֹת עָשָׂה
אֹתוֹ׃ ס וַיַּעַשׂ אֵת הַכִּיּוֹר נְחֹשֶׁת וְאֵת כַּנּוֹ נְחֹשֶׁת 8
בְּמַרְאֹת הַצֹּבְאֹת אֲשֶׁר צָבְאוּ פֶּתַח אֹהֶל מוֹעֵד׃ ס
וַיַּעַשׂ אֶת־הֶחָצֵר לִפְאַת ׀ נֶגֶב תֵּימָנָה קַלְעֵי הֶחָצֵר שֵׁשׁ 9
מָשְׁזָר מֵאָה בָּאַמָּה׃ עַמּוּדֵיהֶם עֶשְׂרִים וְאַדְנֵיהֶם עֶשְׂרִים י
נְחֹשֶׁת וָוֵי הָעַמּוּדִים וַחֲשֻׁקֵיהֶם כָּסֶף׃ וְלִפְאַת צָפוֹן מֵאָה 11
בָאַמָּה עַמּוּדֵיהֶם עֶשְׂרִים וְאַדְנֵיהֶם עֶשְׂרִים נְחֹשֶׁת וָוֵי
הָעַמּוּדִים וַחֲשֻׁקֵיהֶם כָּסֶף׃ וְלִפְאַת־יָם קְלָעִים חֲמִשִּׁים 12
בָּאַמָּה עַמּוּדֵיהֶם עֲשָׂרָה וְאַדְנֵיהֶם עֲשָׂרָה וָוֵי הָעַמֻּדִים
וַחֲשׁוּקֵיהֶם כָּסֶף׃ וְלִפְאַת קֵדְמָה מִזְרָחָה חֲמִשִּׁים אַמָּה׃ 13
קְלָעִים חֲמֵשׁ־עֶשְׂרֵה אַמָּה אֶל־הַכָּתֵף עַמּוּדֵיהֶם שְׁלֹשָׁה 14
וְאַדְנֵיהֶם שְׁלֹשָׁה׃ וְלַכָּתֵף הַשֵּׁנִית מִזֶּה וּמִזֶּה לְשַׁעַר טו
הֶחָצֵר קְלָעִים חֲמֵשׁ עֶשְׂרֵה אַמָּה עַמֻּדֵיהֶם שְׁלֹשָׁה

גֶעמַאכְט צוּ אִיהְם אַ גָאלְדֶענֶעם קְרַאנְצְרִינְגְס אַרוּם׃ 27 אוּנְד צְווייא רִינְגֶען פוּן גָאלְד הָאט עֶר גֶעמַאכְט צוּ אִיהְם פוּן אוּנְטֶען צוּ זֵיין קְרַאנְץ אוֹיף זֵיינֶע צְווייא ווִינְקֶעל, אוֹיף זֵיינֶע צְווייא זֵייטֶען, צוּ הֵייזֶער צוּ דִיא טְרָאג שְׁטַאנְגֶען, אִיהְם מִיט זֵייא צוּ טְרָאגֶען׃ 28 אוּנְד עֶר הָאט גֶעמַאכְט דִיא טְרָאג שְׁטַאנְגֶען פוּן שִׁטִים הָאלְץ, אוּנְד עֶר הָאט זֵייא אִיבֶּערְצוֹיגֶען מִיט גָאלְד׃ 29 אוּנְד עֶר הָאט גֶעמַאכְט דָאס אֵייל פוּן דִיא הֵיילִיגֶע זַאלְבּוּנְג, אוּנְד דָאס רֵיינֶע רוֹיךְ ווֶערְק פוּן דִיא ווָאוֹילשְׁמֶעקֶענְדֶע גֶעווֶערְץ פוּן דֶעם אַפָּאטֶעקֶער׃

## קאפיטעל לח

1 אוּנְד עֶר הָאט גֶעמַאכְט דֶעם מִזְבֵּחַ פוּן בְּרַאנְד־אָפְּפֶער, פוּן שִׁטִים הָאלְץ, פִינְף אֵיילֶען זֵיינֶע לֶענְג, אוּנְד פִינְף אֵיילֶען זֵיינֶע בְּרֵייט, פִיעֶר עֶקֶעדִיג אוּנְד דְרֵייא אֵיילֶען זֵיינֶע הֵייךְ׃ 2 אוּנְד עֶר הָאט גֶעמַאכְט זֵיינֶע הֶערְנֶער אוֹיף זֵיינֶע פִיעֶר ווִינְקֶעל, זֵיינֶע הֶערְנֶער זֶענֶען גֶע־ווֶעזֶען פוּן אִיהְם, אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם אִיבֶּערְצוֹיגֶען מִיט קוּפֶּער׃ 3 אוּנְד עֶר הָאט גֶעמַאכְט אַלֶע כֵּלִים פוּן דֶעם מִזְבֵּחַ, דִיא טֶעפּ אוּנְד דִיא שׁוֹיפֶעלְן אוּנְד דִיא בֶּעקֶען, דִיא גָאפֶּעל אוּנְד דִיא פֵייעֶר־פַאנֶען, אַלֶע זֵיינֶע כֵּלִים הָאט עֶר גֶעמַאכְט פוּן קוּפֶּער׃ 4 אוּנְד עֶר הָאט גֶעמַאכְט צוּ דֶעם מִזְבֵּחַ אֵיין גֶעגִיטֶער, אֵיין נֶעץ ווֶערְק פוּן קוּפֶּער, אוּנְטֶער זֵיין אוּמְלוֹיף פוּן אוּנְטֶען בִּיז צוּ זֵיינֶע הֶעלְפְט׃ 5 אוּנְד עֶר הָאט גֶעגָאסֶען פִיעֶר רִינְגֶען אָן דִיא פִיעֶר עֶקֶען פוּן דֶעם גֶעגִיטֶער פוּן קוּפֶּער, הֵייזֶער צוּ דִיא טְרָאג שְׁטַאנְגֶען׃ 6 אוּנְד עֶר הָאט גֶעמַאכְט דִיא טְרָאג שְׁטַאנְגֶען פוּן שִׁטִים הָאלְץ, אוּנְד עֶר הָאט זֵייא אִיבֶּערְצוֹיגֶען מִיט קוּפֶּער׃ 7 אוּנְד עֶר הָאט גֶעבְּרֶענְגְט דִיא טְרָאג שְׁטַאנְגֶען אִין דִיא רִינְגֶען, אוֹיף דִיא זֵייטֶען פוּן דֶעם מִזְבֵּחַ, אִיהְם מִיט זֵייא צוּ טְרָאגֶען, הוֹיל מִיט בְּרֶעטֶער הָאט עֶר אִיהְם גֶעמַאכְט׃ 8 אוּנְד עֶר הָאט גֶעמַאכְט דֶעם הַאנְד בֶּעקֶען פוּן קוּפֶּער, אוּנְד זֵיין פוּס פוּן קוּפֶּער, אוֹיס דִיא שְׁפִּיגֶעל פוּן דִיא ווֵייבֶּער ווָאס הָאבֶּען זִיךְ פֶערְזַאמֶעלְט בֵּייא דִיא טִיר פוּן דֶעם גֶעצֶעלְט פוּן דִיא פֶערְזַאמְלוּנְג׃ 9 אוּנְד עֶר הָאט גֶעמַאכְט דֶעם פָאר־הוֹיף אַן דִיא זֵייט קֶעגֶען דָרוֹם, דִיא אוּמְהֶענְג פוּן דֶעם פָאר־הוֹיף זֶענֶען גֶעווֶעזֶען פוּן גֶעצְווִירְנְטֶע לֵיינֶען הוּנְדֶערְט אֵיילֶען׃ 10 זֵיירֶע צְוַואנְצִיג זֵיילֶען אוּנְד זֵיירֶע צְוַואנְצִיג שְׁווֶעל פוּן קוּפֶּער, דִיא הֶעקֶעלֶעךְ פוּן דִיא זֵיילֶען, אוּנְד זֵיירֶע גוּרְט־בֶּענְדֶער, פוּן זִילְבֶּער׃ 11 אוּנְד אַן דִיא זֵייט קֶעגֶען צָפוֹן, הוּנְדֶערְט אֵיילֶען, זֵיירֶע צְוַואנְצִיג זֵיילֶען אוּנְד זֵיירֶע צְוַואנְצִיג שְׁווֶעל פוּן קוּפֶּער, דִיא הֶעקֶעלֶעךְ פוּן דִיא זֵיילֶען, אוּנְד זֵיירֶע גוּרְט־בֶּענְדֶער, פוּן זִילְבֶּער׃ 12 אוּנְד אַן דִיא זֵייט קֶעגֶען מַעֲרָב צוּ דִיא אוּמְהֶענְג פוּפְצִיג אֵיילֶען, זֵיירֶע צֶעהְן זֵיילֶען אוּנְד זֵיירֶע צֶעהְן שְׁווֶעל, דִיא הֶעקֶעלֶעךְ פוּן דִיא זֵיילֶען, אוּנְד זֵיירֶע גוּרְט־בֶּענְדֶער, פוּן זִילְבֶּער׃ 13 אוּנְד אַן דִיא מִזְרָח זֵייט פוּפְצִיג אֵיילֶען׃ 14 דִיא אוּמְהֶענְג פוּפְצֶעהְן אֵיילֶען צוּ דִיא אֵיינֶע זֵייט, זֵיירֶע דְרֵייא זֵיילֶען אוּנְד זֵיירֶע דְרֵייא שְׁווֶעל׃ 15 אוּנְד צוּ דִיא אַנְדֶערֶע זֵייט, פוּן דֶער זֵייט אוּנְד פוּן יֶענֶער זֵייט, צוּ דֶעם טוֹיעֶר פוּן דֶעם פָאר־הוֹיף, דִיא אוּמְהֶענְג פוּפְצֶעהְן אֵיילֶען, זֵיירֶע דְרֵייא זֵיילֶען

אוּנְד

16 וְאַדְנֵיהֶם שְׁלֹשָׁה׃ כָּל־קַלְעֵי הֶחָצֵר סָבִיב שֵׁשׁ מָשְׁזָר׃
17 וְהָאֲדָנִים לָעַמֻּדִים נְחֹשֶׁת וָוֵי הָעַמּוּדִים וַחֲשׁוּקֵיהֶם כֶּסֶף
וְצִפּוּי רָאשֵׁיהֶם כָּסֶף וְהֵם מְחֻשָּׁקִים כֶּסֶף כֹּל עַמֻּדֵי
18 הֶחָצֵר׃ וּמָסַךְ שַׁעַר הֶחָצֵר מַעֲשֵׂה רֹקֵם תְּכֵלֶת וְאַרְגָּמָן
וְתוֹלַעַת שָׁנִי וְשֵׁשׁ מָשְׁזָר וְעֶשְׂרִים אַמָּה אֹרֶךְ וְקוֹמָה בְרֹחַב
19 חָמֵשׁ אַמּוֹת לְעֻמַּת קַלְעֵי הֶחָצֵר׃ וְעַמֻּדֵיהֶם אַרְבָּעָה
וְאַדְנֵיהֶם אַרְבָּעָה נְחֹשֶׁת וָוֵיהֶם כֶּסֶף וְצִפּוּי רָאשֵׁיהֶם
כ וַחֲשֻׁקֵיהֶם כָּסֶף׃ וְכָל־הַיְתֵדֹת לַמִּשְׁכָּן וְלֶחָצֵר סָבִיב נְחֹשֶׁת׃

ס ס ס כג

21 אֵלֶּה פְקוּדֵי הַמִּשְׁכָּן מִשְׁכַּן הָעֵדֻת אֲשֶׁר פֻּקַּד עַל־פִּי
22 מֹשֶׁה עֲבֹדַת הַלְוִיִּם בְּיַד אִיתָמָר בֶּן־אַהֲרֹן הַכֹּהֵן׃ וּבְצַלְאֵל
בֶּן־אוּרִי בֶן־חוּר לְמַטֵּה יְהוּדָה עָשָׂה אֵת כָּל־אֲשֶׁר־צִוָּה
23 יְהוָה אֶת־מֹשֶׁה׃ וְאִתּוֹ אָהֳלִיאָב בֶּן־אֲחִיסָמָךְ לְמַטֵּה־דָן
חָרָשׁ וְחֹשֵׁב וְרֹקֵם בַּתְּכֵלֶת וּבָאַרְגָּמָן וּבְתוֹלַעַת הַשָּׁנִי
24 וּבַשֵּׁשׁ׃ ס כָּל־הַזָּהָב הֶעָשׂוּי לַמְּלָאכָה בְּכֹל מְלֶאכֶת
הַקֹּדֶשׁ וַיְהִי ׀ זְהַב הַתְּנוּפָה תֵּשַׁע וְעֶשְׂרִים כִּכָּר וּשְׁבַע
כה מֵאוֹת וּשְׁלֹשִׁים שֶׁקֶל בְּשֶׁקֶל הַקֹּדֶשׁ׃ וְכֶסֶף פְּקוּדֵי הָעֵדָה
מְאַת כִּכָּר וְאֶלֶף וּשְׁבַע מֵאוֹת וַחֲמִשָּׁה וְשִׁבְעִים שֶׁקֶל
26 בְּשֶׁקֶל הַקֹּדֶשׁ׃ בֶּקַע לַגֻּלְגֹּלֶת מַחֲצִית הַשֶּׁקֶל בְּשֶׁקֶל
הַקֹּדֶשׁ לְכֹל הָעֹבֵר עַל־הַפְּקֻדִים מִבֶּן עֶשְׂרִים שָׁנָה וָמַעְלָה
לְשֵׁשׁ־מֵאוֹת אֶלֶף וּשְׁלֹשֶׁת אֲלָפִים וַחֲמֵשׁ מֵאוֹת וַחֲמִשִּׁים׃
27 וַיְהִי מְאַת כִּכַּר הַכֶּסֶף לָצֶקֶת אֵת אַדְנֵי הַקֹּדֶשׁ וְאֵת אַדְנֵי
28 הַפָּרֹכֶת מְאַת אֲדָנִים לִמְאַת הַכִּכָּר כִּכָּר לָאָדֶן׃ וְאֶת־
הָאֶלֶף וּשְׁבַע הַמֵּאוֹת וַחֲמִשָּׁה וְשִׁבְעִים עָשָׂה וָוִים לָעַמּוּדִים
29 וְצִפָּה רָאשֵׁיהֶם וְחִשַּׁק אֹתָם׃ וּנְחֹשֶׁת הַתְּנוּפָה שִׁבְעִים
ל כִּכָּר וְאַלְפַּיִם וְאַרְבַּע־מֵאוֹת שָׁקֶל׃ וַיַּעַשׂ בָּהּ אֶת־אַדְנֵי
פֶּתַח אֹהֶל מוֹעֵד וְאֵת מִזְבַּח הַנְּחֹשֶׁת וְאֶת־מִכְבַּר הַנְּחֹשֶׁת
31 אֲשֶׁר־לוֹ וְאֵת כָּל־כְּלֵי הַמִּזְבֵּחַ׃ וְאֶת־אַדְנֵי הֶחָצֵר סָבִיב

אונד זייערע דרייא שׁװעל: 16 אַלֶע
אוּמהענג פוּן דעם פָּאר־הוֹיף רינגם אַרוּם
זענען געװעזען געצווירנטע ליינען:
17 אונד דיא שׁװעל צוּ דיא זיילען זענען
געװעזען פוּן קופּער, דיא העקעלעך פוּן
דיא זיילען אונד זייערע גוּרט־בענדער
זענען געװעזען פוּן זילבער, אונד דער
איבערצוּג פוּן זייערע שׁפּיצען פוּן זילבער,
אונד עס זענען געװעזען געגוּרט מיט
זילבער אַלע זיילען פוּן דעם פָּאר־הוֹיף:
18 אונד דיא דעק פוּן דעם טוֹיער פוּן
דעם פָּאר־הוֹיף, געשׁטיקט װערק, בּלויא,
אונד פּוּרפּוּר, אונד קַארמיזין, אונד גע־
צווירנטע ליינען, צװאַנציג איילען דיא
לענג, אונד דיא הייך מיט דיא ברייט
פינף איילען, נאָך דעם מָאס נָאך
פוּן דיא אוּמהענג פוּן דעם פָּאר־הוֹיף:
19 אונד זייערע פיער זיילען אונד זייערע
פיער שׁװעל פוּן קופּער, זייערע העקעלעך
פוּן זילבער, אונד דער איבערצוּג פוּן
זייערע שׁפּיצען, אונד זייערע גוּרט־בענדער
פוּן זילבער: 20 אונד אַלע נעגעל צוּ
דעם מִשְׁכָּן אונד צוּ דעם פָּאר־הוֹיף
רינגם אַרוּם פוּן קופּער:

פקודי

21 דָאס דָאזיגע איז דיא צָאל פוּן דעם
מִשְׁכָּן, דָאס מִשְׁכָּן פוּן דעם צייגעניס װָאס איז געציילט געװָארען דוּרך מֹשֶׁה, דער
דינסט פוּן דיא לְוִיִּם, דוּרך דיא האַנד פוּן אִיתָמָר זוּהן פוּן אַהֲרֹן הַכֹּהֵן: 22 אונד
בְּצַלְאֵל דער זוּהן פוּן אוּרִי, זוּהן פוּן חוּר, פוּן דעם שֵׁבֶט יְהוּדָה, האָט געמַאכט אַלעס
װָאס גָאט האָט געבָאטען דעם מֹשֶׁה: 23 אונד מיט איהם אָהֳלִיאָב זוּהן פוּן אֲחִיסָמָךְ,
פוּן דעם שֵׁבֶט דָן א װערק מייסטער אונד א קינסטלער אונד א שׁטיקער מייסטער
אין בּלויא, אונד אין פּוּרפּוּר, אונד אין קַארמיזין, אונד אין ליינען: 24 דָאס גַאנצע
גָאלד װָאס איז פערארבייט געװָארען צוּ דעם װערק, אין אַלערלייא װערק פוּן דיא
הייליגקייט, אונד עס איז געװעזען דָאס גָאלד פוּן דיא אוֹיפהעבוּנג (תְּרוּמָה), ניין אונד
צװאַנציג צענטנער אונד זיבען הוּנדערט אונד דרייסיג שְׁקָלִים, נָאך דעם הייליגען
שֶׁקֶל נָאך: 25 אונד דָאס זילבער פוּן דיא ציילוּנג פוּן דיא געמיינדע, איז געװעזען
הוּנדערט צענטנער, אונד טוֹיזענד אונד זיבען הוּנדערט אונד פינף אונד זיבעציג
שְׁקָלִים, נָאך דעם הייליגען שֶׁקֶל נָאך: 26 איין בֶּקַע פַאר א קָאפּ, א האַלבער שֶׁקֶל,
נָאך דעם הייליגען שֶׁקֶל נָאך, צוּ איטליכען װָאס איז געגַאנגען װעגען דיא ציילוּנג,
פוּן צװאַנציג יָאהר אַלט אונד דריבער, צוּ זעקס הוּנדערט טוֹיזענד אונד דרייא
טוֹיזענד, אונד פינף הוּנדערט אונד פוּפציג: 27 אונד עס איז געװעזען הוּנדערט
צענטנער זילבער צוּ גיסען דיא שׁװעל פוּן דיא הייליגקייט, אונד דיא שׁװעל פוּן דיא
פָּאר־הענג, הוּנדערט שׁװעל צוּ הוּנדערט צענטנער, א צענטנער פַאר א שׁװעל:
28 אונד טוֹיזענד אונד זיבען הוּנדערט אונד פינף אונד זיבעציג (שְׁקָלִים) האָט ער
געמַאכט דיא העקעלעך צוּ דיא זיילען, אונד ער האָט איבערצוֹיגען זייערע שׁפּיצען,
אונד ער האָט זייא געגוּרטעט: 29 אונד דָאס קופּער פוּן דיא אוֹיפהייבוּנג איז געװעזען
זיבעציג צענטנער, אונד צװייא טוֹיזענד אונד פיער הוּנדערט שְׁקָלִים: 30 אונד ער האָט
דערפוּן געמַאכט דיא שׁװעל פוּן דיא טיר פוּן דעם געצעלט פוּן דיא פערזַאמלוּנג, אונד
דעם מִזְבֵּחַ פוּן קופּער, אונד דָאס געגיטער פוּן קופּער װָאס איז געװעזען צוּ איהם,
אונד אַלע כֵּלִים פוּן דעם מִזְבֵּחַ: 31 אונד דיא שׁװעל פוּן דעם פָּאר־הוֹיף רינגם אַרוּם,

אונד

ואת־אדני שער החצר ואת כל־יתדת המשכן ואת־כל־
יתדת החצר סביב׃

לט

א ומן־התכלת והארגמן ותולעת השני עשו בגדי־שרד
לשרת בקדש ויעשו את־בגדי הקדש אשר לאהרן כאשר
צוה יהוה את־משה׃ פ
2 ויעש את־האפד זהב תכלת וארגמן ותולעת שני ושש
3 משזר׃ וירקעו את־פחי הזהב וקצץ פתילם לעשות
בתוך התכלת ובתוך הארגמן ובתוך תולעת השני
4 ובתוך השש מעשה חשב׃ כתפת עשו־לו חברת על־שני
ה קצוותו חבר׃ וחשב אפדתו אשר עליו ממנו הוא
כמעשהו זהב תכלת וארגמן ותולעת שני ושש משזר
6 כאשר צוה יהוה את־משה׃ ס ויעשו את־אבני השהם
מסבת משבצת זהב מפתחת פתוחי חותם על־שמות
7 בני ישראל׃ וישם אתם על כתפת האפד אבני זכרון
לבני ישראל כאשר צוה יהוה את־משה׃ פ
8 ויעש את־החשן מעשה חשב כמעשה אפד זהב תכלת
9 וארגמן ותולעת שני ושש משזר׃ רבוע היה כפול עשו
י את־החשן זרת ארכו וזרת רחבו כפול׃ וימלאו־בו
ארבעה טורי אבן טור אדם פטדה וברקת הטור האחד׃
11 והטור השני נפך ספיר ויהלם׃
12 והטור השלישי לשם
13 שבו ואחלמה׃ והטור הרביעי תרשיש שהם וישפה
14 מוסבת משבצת זהב במלאתם׃ והאבנים על־שמת
בני־ישראל הנה שתים עשרה על־שמתם פתוחי חתם
טו איש על־שמו לשנים עשר שבט׃ ויעשו על־החשן
16 שרשרת גבלת מעשה עבת זהב טהור׃ ויעשו שתי
משבצת זהב ושתי טבעת זהב ויתנו את־שתי הטבעת

אונד דיא שׂוועל פון דעם טויער פון דעם פאר־הויף, אונד אלע נעגעל פון דעם משכן, אונד אלע נעגעל פון דעם פאר־הויף רינגס ארום׃

## קאפיטעל לט

1 אונד פון דעם בלויא אונד פורפור, אונד קארמיזין, האבען זייא געמאכט דיא דינסט קליידער צו דינען אין דיא הייליגקייט, אונד זייא האבען געמאכט דיא הייליגע קליידער וואס זענען געוועזען פאר אהרן, אזוי וויא גאט האט געבאטען דעם משה׃

2 אונד מען האט געמאכט דעם אפוד, גאלד, בלויא אונד פורפור אונד קארמיזין, אונד געצווירנטע ליינען׃ 3 אונד זייא האבען אויסגעהאמערט דינע בלעכען פון גאלד, אונד מען האט עס געשניטען אין דראט צו מאכען אין צווישען דעם בלויא, אונד אין צווישען דעם פורפור, אונד אין צווישען דעם קארמיזין אונד אין צווישען דיא ליינען, קינסטליך ווערק׃ 4 אקסעלבענדער האבען זייא געמאכט צו איהם, בעהעפטעט. אויף זיינע צווייא עקען איז עס בעהעפטעט געווארען׃ 5 אונד דעם גארטעל פון זיין אפוד וואס איז דרויף געוועזען, פון איהם איז עס געוועזען, גלייך אזוי וויא זיין ווערק, גאלד, בלויא, אונד פורפור אונד קארמיזין, אונד געצווירנטע ליינען, אזוי וויא גאט האט געבאטען דעם משה׃ 6 אונד זייא האבען געמאכט דיא אוניקעל שטיינער, אומגערינגעלט, איינגעפאסט אין גאלד, איינגעקריצעלט, גלייך אזוי וויא דיא איינ־קריצלונג פון א זיגעל־רינג, מיט דיא נעמען פון דיא קינדער ישראל׃ 7 אונד ער האט זייא געזעצט אויף דיא אקסעלבענדער פון דעם אפוד, אלס שטיינער פון דעם געדעכטניס פאר דיא קינדער ישראל, אזוי וויא גאט האט געבאטען דעם משה׃

8 אונד מען האט געמאכט דיא ברוסט־שפאן, קינסטליך ווערק, גלייך אזוי וויא דאס ווערק פון דעם אפוד, גאלד, בלויא, אונד פורפור, אונד קארמיזין אונד געצווירנטע ליינען׃ 9 פיער עקעדיג איז עס געוועזען, דאפעלט האבען זייא דיא ברוסט־שפאן געמאכט, איין דוים זיינע לענג, אונד איין דוים זיינע ברייט, דאפעלט׃ 10 אונד זייא האבען דערפילט אין פיער צייל פון שטיינער, איין צייל א רובין, א פריזאנד, אונד א קארבונקעל זענען געוועזען דיא ערשטע צייל׃ 11 אונד דיא אנדערע צייל, א סמארגאד, א סאפיר אונד א דיאמאנט׃ 12 אונד דיא דריטע צייל, א טורקאס א טאפאז, אונד א קריסטאל׃ 13 אונד דיא פיערטע צייל, א יאכצונג, איין אוניקעל, אונד א יאספיז, אומרינגעלט, איינגעפאסט אין גאלד, מיט זיירע דערפילונגען׃ 14 אונד דיא שטיינער מיט דיא נעמען פון דיא קינדער ישראל, זייא זענען געוועזען צוועלף מיט זיירע נעמען, דיא איינקריצלונג פון א זיגעל־רינג, איטליכער מיט זיין נאמען פון דיא צוועלף שבטים׃ 15 אונד זייא האבען געמאכט אויף דיא ברוסט־שפאן, קייטען, געמערקט, געפלאכטען ווערק, פון ריין גאלד׃ 16 אונד זייא האבען געמאכט צווייא איינפאסונגען פון גאלד, אונד צווייא גאלדענע רינגען, אונד זייא האבען געזעצט דיא צווייא רינגען

17 עַל־שְׁנֵי קְצוֹת הַחֹשֶׁן׃ וַיִּתְּנוּ שְׁתֵּי הָעֲבֹתֹת הַזָּהָב עַל־
18 שְׁתֵּי הַטַּבָּעֹת עַל־קְצוֹת הַחֹשֶׁן׃ וְאֵת שְׁתֵּי קְצוֹת שְׁתֵּי
הָעֲבֹתֹת נָתְנוּ עַל־שְׁתֵּי הַמִּשְׁבְּצֹת וַיִּתְּנֻם עַל־כִּתְפֹת
19 הָאֵפֹד אֶל־מוּל פָּנָיו׃ וַיַּעֲשׂוּ שְׁתֵּי טַבְּעֹת זָהָב וַיָּשִׂימוּ עַל־
שְׁנֵי קְצוֹת הַחֹשֶׁן עַל־שְׂפָתוֹ אֲשֶׁר אֶל־עֵבֶר הָאֵפֹד בָּיְתָה׃
כ וַיַּעֲשׂוּ שְׁתֵּי טַבְּעֹת זָהָב וַיִּתְּנֻם עַל־שְׁתֵּי כִתְפֹת הָאֵפֹד
מִלְמַטָּה מִמּוּל פָּנָיו לְעֻמַּת מַחְבַּרְתּוֹ מִמַּעַל לְחֵשֶׁב הָאֵפֹד׃
21 וַיִּרְכְּסוּ אֶת־הַחֹשֶׁן מִטַּבְּעֹתָיו אֶל־טַבְּעֹת הָאֵפֹד בִּפְתִיל
תְּכֵלֶת לִהְיֹת עַל־חֵשֶׁב הָאֵפֹד וְלֹא־יִזַּח הַחֹשֶׁן מֵעַל הָאֵפֹד
כַּאֲשֶׁר צִוָּה יְהוָֹה אֶת־מֹשֶׁה׃ פ
22 23 וַיַּעַשׂ אֶת־מְעִיל הָאֵפֹד מַעֲשֵׂה אֹרֵג כְּלִיל תְּכֵלֶת׃ וּפִי־
הַמְּעִיל בְּתוֹכוֹ כְּפִי תַחְרָא שָׂפָה לְפִיו סָבִיב לֹא יִקָּרֵעַ׃
24 וַיַּעֲשׂוּ עַל־שׁוּלֵי הַמְּעִיל רִמּוֹנֵי תְּכֵלֶת וְאַרְגָּמָן וְתוֹלַעַת
כה שָׁנִי מָשְׁזָר׃ וַיַּעֲשׂוּ פַעֲמֹנֵי זָהָב טָהוֹר וַיִּתְּנוּ אֶת־הַפַּעֲמֹנִים
בְּתוֹךְ הָרִמֹּנִים עַל־שׁוּלֵי הַמְּעִיל סָבִיב בְּתוֹךְ הָרִמֹּנִים׃
26 פַּעֲמֹן וְרִמֹּן פַּעֲמֹן וְרִמֹּן עַל־שׁוּלֵי הַמְּעִיל סָבִיב לְשָׁרֵת
27 כַּאֲשֶׁר צִוָּה יְהוָֹה אֶת־מֹשֶׁה׃ ס וַיַּעֲשׂוּ אֶת־הַכָּתְנֹת
28 שֵׁשׁ מַעֲשֵׂה אֹרֵג לְאַהֲרֹן וּלְבָנָיו׃ וְאֵת הַמִּצְנֶפֶת שֵׁשׁ
וְאֶת־פַּאֲרֵי הַמִּגְבָּעֹת שֵׁשׁ וְאֶת־מִכְנְסֵי הַבָּד שֵׁשׁ מָשְׁזָר׃
29 וְאֶת־הָאַבְנֵט שֵׁשׁ מָשְׁזָר וּתְכֵלֶת וְאַרְגָּמָן וְתוֹלַעַת שָׁנִי
ל מַעֲשֵׂה רֹקֵם כַּאֲשֶׁר צִוָּה יְהוָֹה אֶת־מֹשֶׁה׃ ס וַיַּעֲשׂוּ אֶת־
צִיץ נֵזֶר־הַקֹּדֶשׁ זָהָב טָהוֹר וַיִּכְתְּבוּ עָלָיו מִכְתַּב פִּתּוּחֵי
31 חוֹתָם קֹדֶשׁ לַיהוָֹה׃ וַיִּתְּנוּ עָלָיו פְּתִיל תְּכֵלֶת לָתֵת עַל־
32 הַמִּצְנֶפֶת מִלְמָעְלָה כַּאֲשֶׁר צִוָּה יְהוָֹה אֶת־מֹשֶׁה׃ ס וַתֵּכֶל
כָּל־עֲבֹדַת מִשְׁכַּן אֹהֶל מוֹעֵד וַיַּעֲשׂוּ בְּנֵי יִשְׂרָאֵל כְּכֹל
אֲשֶׁר צִוָּה יְהוָֹה אֶת־מֹשֶׁה כֵּן עָשׂוּ׃ פ
33 וַיָּבִיאוּ אֶת־הַמִּשְׁכָּן אֶל־מֹשֶׁה אֶת־הָאֹהֶל וְאֶת־כָּל־כֵּלָיו
34 קְרָסָיו קְרָשָׁיו בְּרִיחָו וְעַמֻּדָיו וַאֲדָנָיו׃ וְאֶת־מִכְסֵה עוֹרֹת

אוֹיף דִיא צְווייא עֶקֶען פוּן דֶעם בְּרוּסְט־שְׁפַּאן׃ 17 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעזֶעצְט דִיא צְווייא גֶעפְלָאכְטֶענֶע קֵייטֶען אוֹיף דִיא צְווייא רִינְגֶען, אוֹיף דִיא עֶקֶען פוּן דֶעם בְּרוּסְט־שְׁפַּאן׃ 18 אוּנְד דִיא צְווייא עֶקֶען פוּן דִיא צְווייא גֶעפְלָאכְטֶענֶע קֵייטֶען הָאבֶּען זֵייא גֶעזֶעצְט אוֹיף דִיא צְווייא אֵיינְפַאסוּנְגֶען, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זֵייא גֶעזֶעצְט אוֹיף דִיא צְווייא אַקְסֶעל־בֶּענְדֶער פוּן דֶעם אֵפוֹד, קֶעגֶען זֵיינֶע פָארְדֶערְשְׁטֶע זֵייט׃ 19 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעמַאכְט צְווייא גָאלְדֶענֶע רִינְגֶען, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זֵייא גֶעזֶעצְט אוֹיף דִיא צְווייא עֶקֶען פוּן דֶעם בְּרוּסְט־שְׁפַּאן, אוֹיף זֵיין זוֹים, וָואס אִיז צוּ דִיא זֵייט פוּן דֶעם אֵפוֹד, אִינֶעוֵויינִיג׃ 20 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעמַאכְט צְווייא גָאלְדֶענֶע רִינְגֶען, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זֵייא גֶעזֶעצְט אוֹיף דִיא צְווייא אַקְסֶעל־בֶּענְדֶער פוּן דֶעם אֵפוֹד, פוּן אִינֶעוֵויינִיג, קֶעגֶען דִיא פָארְדֶערְשְׁטֶע זֵייט, קֶעגֶען זֵיינֶע בֶּעהֶעפְטוּנְג פוּן אוֹיבֶּען צוּ דֶעם גַארְטֶעל פוּן דֶעם אֵפוֹד׃ 21 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אָנְגֶעבּוּנְדֶען דִיא בְּרוּסְט־שְׁפַּאן פוּן זֵיינֶע רִינְגֶען צוּ דִיא רִינְגֶען פוּן דֶעם אֵפוֹד, מִיט אַ שְׁנוּר פוּן בְּלוֹיא, צוּ זֵיין אוֹיף דֶעם גַארְטֶעל פוּן דֶעם אֵפוֹד, אַז דִיא בְּרוּסְט־שְׁפַּאן זָאל נִיט אַוֶועקְגֶערִיקְט וֶוערֶען פוּן דֶעם אֵפוֹד, אַזוֹי וִויא גָאט הָאט גֶעבָּאטֶען דֶעם מֹשֶׁה׃

22 אוּנְד מֶען הָאט גֶעמַאכְט דָאס אוֹיבֶּערְהֶעמְד פוּן דֶעם אֵפוֹד, גֶעוֶועבְּט וֶוערְק, גַאנְץ פוּן בְּלוֹיא׃ 23 אוּנְד דָאס לָאךְ פוּן דֶעם אוֹיבֶּערְהֶעמְד אִין צְווִישֶׁען אִיהְם, גְלֵייךְ אַזוֹי וִויא דָאס לָאךְ פוּן אַ פַּאנְצֶער, אַ זוֹים צוּ זֵיין לָאךְ רִינְגְס אַרוּם, אַז עֶר זָאל נִיט צוּרִיסֶען וֶוערֶען׃ 24 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעמַאכְט אוֹיף דֶעם זוֹים פוּן דֶעם אוֹיבֶּערְהֶעמְד מִילְגְרוֹימֶען, פוּן בְּלוֹיא אוּנְד פוּן פּוּרְפּוּר אוּנְד פוּן קַארְמִיזִין, גֶעצְוִוירְנְט׃ 25 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעמַאכְט גְלֶעקְלֶעךְ פוּן רֵיין גָאלְד, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעזֶעצְט דִיא גְלֶעקְלֶעךְ צְווִישֶׁען דִיא מִילְגְרוֹימֶען, אוֹיף דֶעם זוֹים פוּן דֶעם אוֹיבֶּערְהֶעמְד רִינְגְס אַרוּם, צְווִישֶׁען דִיא מִילְגְרוֹימֶען׃ 26 אֵיין גְלֶעקֶעל אוּנְד אֵיין מִילְגְרוֹים, אֵיין גְלֶעקֶעל אוּנְד אֵיין מִילְגְרוֹים, אוֹיף דֶעם זוֹים פוּן דֶעם אוֹיבֶּערְהֶעמְד, רִינְגְס אַרוּם, צוּ דִינֶען, אַזוֹי וִויא גָאט הָאט גֶעבָּאטֶען דֶעם מֹשֶׁה׃ 27 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעמַאכְט דִיא הֶעמְדֶער, גֶעוֶועבְּט וֶוערְק, לֵיינֶען, פַאר אַהֲרֹן אוּנְד זֵיינֶע זִיהְן׃ 28 אוּנְד דִיא הוֹיבּ פוּן לֵיינֶען, אוּנְד דִיא שֵׁיינֶע הוֹיכֶע הוֹיבֶּען פוּן לֵיינֶען, אוּנְד דִיא לֵיינֶענֶע הוֹיזֶען פוּן גֶעצְוִוירְנְטֶע לֵיינֶען׃ 29 אוּנְד דֶעם גַארְטֶעל פוּן גֶעצְוִוירְנְטֶע לֵיינֶען, אוּנְד בְּלוֹיא, אוּנְד פּוּרְפּוּר, אוּנְד קַארְמִיזִין, גֶעשְׁטִיקְט וֶוערְק, אַזוֹי וִויא גָאט הָאט גֶעבָּאטֶען דֶעם מֹשֶׁה׃ 30 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעמַאכְט דָאס בְּלֶעךְ, דִיא הֵיילִיגֶע קְרוֹין, פוּן רֵיין גָאלְד, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען דְרוֹיף גֶעשְׁרִיבֶּען אַ שְׁרִיפְט, דִיא אֵיינְקְרִיצְלוּנְג פוּן אַ זִיגֶעל־רִינְג, קֹדֶשׁ לַיהוָֹה׃ 31 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען דְרוֹיף גֶעזֶעצְט אַ שְׁנוּר פוּן בְּלוֹיא אוֹיפְצוּזֶעצֶען דִיא הוֹיבּ פוּן אוֹיבֶּען, אַזוֹי וִויא גָאט הָאט גֶעבָּאטֶען דֶעם מֹשֶׁה׃ 32 אוּנְד עֶס אִיז פָאלֶענְט גֶעוָוארֶען דָאס גַאנְצֶע וֶוערְק פוּן דֶעם מִשְׁכָּן פוּן דֶעם גֶעצֶעלְט פוּן דִיא פֶערְזַאמְלוּנְג, אוּנְד דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל הָאבֶּען גֶעמַאכְט אַלֶעס וָואס גָאט הָאט גֶעבָּאטֶען דֶעם מֹשֶׁה, אַזוֹי הָאבֶּען זֵייא גֶעמַאכְט׃

33 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעבְּרֶענְגְט דָאס מִשְׁכָּן צוּ מֹשֶׁה, דָאס גֶעצֶעלְט אוּנְד אַלֶע זֵיינֶע כֵּלִים, זֵיינֶע הֶעקֶעלֶעךְ, זֵיינֶע בְּרֶעטֶער, זֵיינֶע רִיגֶעל אוּנְד זֵיינֶע זֵיילֶען אוּנְד זֵיינֶע שְׁוֶועל׃ 34 אוּנְד דִיא דֶעק פוּן רוֹיטְגֶעפַארְבְּטֶע פֶעל
פוּן

הָאֵילִם הַמְאָדָּמִים וְאֶת־מִכְסֵה עֹרֹת הַתְּחָשִׁים וְאֵת פָּרֹכֶת
לה 36 הַמָּסָךְ: אֶת־אֲרוֹן הָעֵדֻת וְאֶת־בַּדָּיו וְאֵת הַכַּפֹּרֶת: אֶת־
37 הַשֻּׁלְחָן אֶת־כָּל־כֵּלָיו וְאֵת לֶחֶם הַפָּנִים: אֶת־הַמְּנֹרָה
הַטְּהֹרָה אֶת־נֵרֹתֶיהָ נֵרֹת הַמַּעֲרָכָה וְאֶת־כָּל־כֵּלֶיהָ וְאֵת
38 שֶׁמֶן הַמָּאוֹר: וְאֵת מִזְבַּח הַזָּהָב וְאֵת שֶׁמֶן הַמִּשְׁחָה וְאֵת
39 קְטֹרֶת הַסַּמִּים וְאֵת מָסַךְ פֶּתַח הָאֹהֶל: אֵת ׀ מִזְבַּח
הַנְּחֹשֶׁת וְאֶת־מִכְבַּר הַנְּחֹשֶׁת אֲשֶׁר־לוֹ אֶת־בַּדָּיו וְאֶת־כָּל־
מ כֵּלָיו אֶת־הַכִּיֹּר וְאֶת־כַּנּוֹ: אֵת קַלְעֵי הֶחָצֵר אֶת־עַמֻּדֶיהָ
וְאֶת־אֲדָנֶיהָ וְאֶת־הַמָּסָךְ לְשַׁעַר הֶחָצֵר אֶת־מֵיתָרָיו וִיתֵדֹתֶיהָ
41 וְאֵת כָּל־כְּלֵי עֲבֹדַת הַמִּשְׁכָּן לְאֹהֶל מוֹעֵד: אֶת־בִּגְדֵי
הַשְּׂרָד לְשָׁרֵת בַּקֹּדֶשׁ אֶת־בִּגְדֵי הַקֹּדֶשׁ לְאַהֲרֹן הַכֹּהֵן
42 וְאֶת־בִּגְדֵי בָנָיו לְכַהֵן: כְּכֹל אֲשֶׁר־צִוָּה יְהוָה אֶת־מֹשֶׁה
43 כֵּן עָשׂוּ בְּנֵי יִשְׂרָאֵל אֵת כָּל־הָעֲבֹדָה: וַיַּרְא מֹשֶׁה אֶת־
כָּל־הַמְּלָאכָה וְהִנֵּה עָשׂוּ אֹתָהּ כַּאֲשֶׁר צִוָּה יְהוָה כֵּן עָשׂוּ
וַיְבָרֶךְ אֹתָם מֹשֶׁה: פ

## מ

2 א וַיְדַבֵּר יְהוָה אֶל־מֹשֶׁה לֵּאמֹר: בְּיוֹם־הַחֹדֶשׁ הָרִאשׁוֹן
3 בְּאֶחָד לַחֹדֶשׁ תָּקִים אֶת־מִשְׁכַּן אֹהֶל מוֹעֵד: וְשַׂמְתָּ שָׁם
4 אֵת אֲרוֹן הָעֵדוּת וְסַכֹּתָ עַל־הָאָרֹן אֶת־הַפָּרֹכֶת: וְהֵבֵאתָ
אֶת־הַשֻּׁלְחָן וְעָרַכְתָּ אֶת־עֶרְכּוֹ וְהֵבֵאתָ אֶת־הַמְּנֹרָה וְהַעֲלֵיתָ
ה אֶת־נֵרֹתֶיהָ: וְנָתַתָּה אֶת־מִזְבַּח הַזָּהָב לִקְטֹרֶת לִפְנֵי אֲרוֹן
6 הָעֵדֻת וְשַׂמְתָּ אֶת־מָסַךְ הַפֶּתַח לַמִּשְׁכָּן: וְנָתַתָּה אֵת
7 מִזְבַּח הָעֹלָה לִפְנֵי פֶּתַח מִשְׁכַּן אֹהֶל־מוֹעֵד: וְנָתַתָּ אֶת־
8 הַכִּיֹּר בֵּין־אֹהֶל מוֹעֵד וּבֵין הַמִּזְבֵּחַ וְנָתַתָּ שָׁם מָיִם: וְשַׂמְתָּ
9 אֶת־הֶחָצֵר סָבִיב וְנָתַתָּ אֶת־מָסַךְ שַׁעַר הֶחָצֵר: וְלָקַחְתָּ
אֶת־שֶׁמֶן הַמִּשְׁחָה וּמָשַׁחְתָּ אֶת־הַמִּשְׁכָּן וְאֶת־כָּל־אֲשֶׁר־בּוֹ
י וְקִדַּשְׁתָּ אֹתוֹ וְאֶת־כָּל־כֵּלָיו וְהָיָה קֹדֶשׁ: וּמָשַׁחְתָּ אֶת־
מִזְבַּח הָעֹלָה וְאֶת־כָּל־כֵּלָיו וְקִדַּשְׁתָּ אֶת־הַמִּזְבֵּחַ וְהָיָה

פון ווידער, אונד דיא דעק פון תחשים־פעל. אונד דיא פאַרהאַנג פון דיא דעק: 35 דעם קאַסטען פון דעם ציינגעניס, אונד זיינע טראַג־שטאַנגען אונד דאס איבער־דעקעל (כפרת): 36 דעם טיש, אַלע זיינע כלים, אונד דאס לחם הפנים: 37 דעם ריינעם לייכטער, זיינע לאַמפּען, דיא לאַמפּען פון דיא אָפּריכטונג, אונד אַלע זיינע כלים, אונד דאס אייל פון דיא לייכטונג: 38 אונד דעם גאָלדענעם מזבח, אונד דאס אייל פון דיא זאַלבונג, אונד דאס רויך־ווערק פון וואוילשמעקענדע געווערץ, אונד דיא דעק פון דיא טיר פון דעם געצעלט: 39 דעם מזבח פון קופּער אונד דאס געגיטער פון קופּער, וואס איז געוועזען צו איהם, זיינע טראַג־שטאַנגען אונד אַלע זיינע כלים, דעם האַנד־בעקען אונד זיין פוס: 40 דיא אומהענג פון דעם פאָרהויף, זיינע זייַלען אונד זיינע שוועל, אונד דיא דעק פאַר דעם טויער פון דעם פאָרהויף, זיינע שטריק אונד זיינע נעגעל, אונד אַלע כלים פון דעם דינסט פון דעם משכן צו דעם געצעלט פון דיא פערזאַמלונג: 41 דיא דינסט־קליידער צו דינען אין דיא הייליגקייט, דיא הייליגע קליידער פאַר אַהרן הכהן, אונד דיא קליידער פאַר זיינע זיהן כהנים צו זיין: 42 גלייך אַזוי ווי אַלעם וואס גאָט האט געבאָטען משה, אַזוי האָבען דיא קינדער ישראל געמאַכט דיא גאַנצע אַרבייט: 43 אונד משה האט געזעהען דיא גאַנצע אַרבייט, אונד זעה, זייא האָבען עס געמאַכט, גלייך אַזוי ווי גאָט האט געבאָטען, אַזוי האָבען זייא געמאַכט, אונד משה האָט זייא געבענשט:

## קאַפּיטעל מ

1 אונד גאָט האט גערעט צו משה אַזוי צו זאָגען: 2 אין דעם ערשטען טאָג פון דעם ערשטען חדש, זאָלסט דוא אויפשטעלען דאס משכן, דאס געצעלט פון דיא פערזאַמלונג: 3 אונד דוא זאָלסט דאָרט אַהינשטעלען דעם קאַסטען פון דעם ציינגעניס, אונד דוא זאָלסט צודעקען דעם קאַסטען מיט דעם פאָרהאַנג: 4 אונד דוא זאָלסט אַריינברענגען דעם טיש, אונד דוא זאָלסט אָנריכטען זיינע אָרדנונג, אונד דוא זאָלסט אַריינברענגען דעם לייכטער, אונד דוא זאָלסט אָנצינדען זיינע לאַמפּען: 5 אונד דוא זאָלסט שטעלען דעם גאָלדענעם מזבח פאַר רויך־ווערק, פאָר דעם קאַסטען פון דעם ציינגעניס, אונד דוא זאָלסט טהון דיא דעק פון דיא טיר צו דעם משכן: 6 אונד דוא זאָלסט שטעלען דעם מזבח פון בראַנד־אָפּפער פאַר דיא טיר פון דעם משכן פון דעם געצעלט פון דיא פערזאַמלונג: 7 אונד דוא זאָלסט שטעלען דעם האַנד־בעקען צווישען דעם געצעלט פון דיא פערזאַמלונג, אונד צווישען דעם מזבח, אונד דוא זאָלסט אַריינטהון וואַסער: 8 אונד דוא זאָלסט שטעלען דעם פאָרהויף רינגסאַרום, אונד דוא זאָלסט אויפהענגען דיא דעק פון דיא טיר פון דעם פאָרהויף: 9 אונד דוא זאָלסט נעמען דאס אייל פון דיא זאַלבונג, אונד דוא זאָלסט זאַלבען דאס משכן, אונד אַלעם וואס איז אין איהם אונד דוא זאָלסט איהם הייליגען אונד אַלע זיינע כלים, אונד עס זאָל הייליג זיין: 10 אונד דוא זאָלסט זאַלבען דעם מזבח פון בראַנד־אָפּפער אונד אַלע זיינע כלים, אונד דוא זאָלסט הייליגען דעם מזבח, אונד דער

11 הַמִּזְבֵּחַ קֹדֶשׁ קָדָשִׁים׃ וּמָשַׁחְתָּ אֶת־הַכִּיֹּר וְאֶת־כַּנּוֹ וְקִדַּשְׁתָּ
12 אֹתוֹ׃ וְהִקְרַבְתָּ אֶת־אַהֲרֹן וְאֶת־בָּנָיו אֶל־פֶּתַח אֹהֶל מוֹעֵד
13 וְרָחַצְתָּ אֹתָם בַּמָּיִם׃ וְהִלְבַּשְׁתָּ אֶת־אַהֲרֹן אֵת בִּגְדֵי הַקֹּדֶשׁ
14 וּמָשַׁחְתָּ אֹתוֹ וְקִדַּשְׁתָּ אֹתוֹ וְכִהֵן לִי׃ וְאֶת־בָּנָיו תַּקְרִיב
טו וְהִלְבַּשְׁתָּ אֹתָם כֻּתֳּנֹת׃ וּמָשַׁחְתָּ אֹתָם כַּאֲשֶׁר מָשַׁחְתָּ אֶת־
אֲבִיהֶם וְכִהֲנוּ לִי וְהָיְתָה לִהְיֹת לָהֶם מָשְׁחָתָם לִכְהֻנַּת
16 עוֹלָם לְדֹרֹתָם׃ וַיַּעַשׂ מֹשֶׁה כְּכֹל אֲשֶׁר צִוָּה יְהוָה אֹתוֹ
17 כֵּן עָשָׂה׃ ס וַיְהִי בַּחֹדֶשׁ הָרִאשׁוֹן בַּשָּׁנָה הַשֵּׁנִית
18 בְּאֶחָד לַחֹדֶשׁ הוּקַם הַמִּשְׁכָּן׃ וַיָּקֶם מֹשֶׁה אֶת־הַמִּשְׁכָּן
וַיִּתֵּן אֶת־אֲדָנָיו וַיָּשֶׂם אֶת־קְרָשָׁיו וַיִּתֵּן אֶת־בְּרִיחָיו וַיָּקֶם
19 אֶת־עַמּוּדָיו׃ וַיִּפְרֹשׂ אֶת־הָאֹהֶל עַל־הַמִּשְׁכָּן וַיָּשֶׂם אֶת־
מִכְסֵה הָאֹהֶל עָלָיו מִלְמָעְלָה כַּאֲשֶׁר צִוָּה יְהוָה אֶת־מֹשֶׁה׃
כ ס וַיִּקַּח וַיִּתֵּן אֶת־הָעֵדֻת אֶל־הָאָרֹן וַיָּשֶׂם אֶת־הַבַּדִּים עַל־
21 הָאָרֹן וַיִּתֵּן אֶת־הַכַּפֹּרֶת עַל־הָאָרֹן מִלְמָעְלָה׃ וַיָּבֵא אֶת־
הָאָרֹן אֶל־הַמִּשְׁכָּן וַיָּשֶׂם אֵת פָּרֹכֶת הַמָּסָךְ וַיָּסֶךְ עַל אֲרוֹן
22 הָעֵדוּת כַּאֲשֶׁר צִוָּה יְהוָה אֶת־מֹשֶׁה׃ ס וַיִּתֵּן אֶת־
הַשֻּׁלְחָן בְּאֹהֶל מוֹעֵד עַל יֶרֶךְ הַמִּשְׁכָּן צָפֹנָה מִחוּץ לַפָּרֹכֶת׃
23 וַיַּעֲרֹךְ עָלָיו עֵרֶךְ לֶחֶם לִפְנֵי יְהוָה כַּאֲשֶׁר צִוָּה יְהוָה אֶת־
24 מֹשֶׁה׃ ס וַיָּשֶׂם אֶת־הַמְּנֹרָה בְּאֹהֶל מוֹעֵד נֹכַח הַשֻּׁלְחָן
כה עַל יֶרֶךְ הַמִּשְׁכָּן נֶגְבָּה׃ וַיַּעַל הַנֵּרֹת לִפְנֵי יְהוָה כַּאֲשֶׁר
26 צִוָּה יְהוָה אֶת־מֹשֶׁה׃ ס וַיָּשֶׂם אֶת־מִזְבַּח הַזָּהָב בְּאֹהֶל
27 מוֹעֵד לִפְנֵי הַפָּרֹכֶת׃ וַיַּקְטֵר עָלָיו קְטֹרֶת סַמִּים כַּאֲשֶׁר
28 צִוָּה יְהוָה אֶת־מֹשֶׁה׃ ס וַיָּשֶׂם אֶת־מָסַךְ הַפֶּתַח
29 לַמִּשְׁכָּן׃ וְאֵת מִזְבַּח הָעֹלָה שָׂם פֶּתַח מִשְׁכַּן אֹהֶל־מוֹעֵד
וַיַּעַל עָלָיו אֶת־הָעֹלָה וְאֶת־הַמִּנְחָה כַּאֲשֶׁר צִוָּה יְהוָה
ל אֶת־מֹשֶׁה׃ ס וַיָּשֶׂם אֶת־הַכִּיֹּר בֵּין־אֹהֶל מוֹעֵד וּבֵין
31 הַמִּזְבֵּחַ וַיִּתֵּן שָׁמָּה מַיִם לְרָחְצָה׃ וְרָחֲצוּ מִמֶּנּוּ מֹשֶׁה
32 וְאַהֲרֹן וּבָנָיו אֶת־יְדֵיהֶם וְאֶת־רַגְלֵיהֶם׃ בְּבֹאָם אֶל־אֹהֶל

מִזְבֵּחַ זָאל זֵיין גַאנְץ הֵיילִיג׃ 11 אוּנְד דוּא זָאלְסְט זַאלְבֶּען דֶעם הַאנְדבֶּעקֶען אוּנְד זֵיין פוּס, אוּנְד דוּא זָאלְסְט אִיהְם הֵיילִיגֶען׃ 12 אוּנְד דוּא זָאלְסְט גֶענֶעהְנֶען אַהֲרֹן אוּנְד זֵיינֶע זִיהְן צוּ דִיא טִיר פוּן דֶעם גֶעצֶעלְט פוּן דִיא פֶערְזַאמְלוּנְג, אוּנְד דוּא זָאלְסְט זֵייא וַואשֶׁען מִיט וַואסֶער׃ 13 אוּנְד דוּא זָאלְסְט אָנְקְלֵיידֶען אַהֲרֹן מִיט דִיא הֵיילִיגֶע קְלֵיידֶער, אוּנְד דוּא זָאלְסְט אִיהְם זַאלְבֶּען, אוּנְד דוּא זָאלְסְט אִיהְם הֵיילִיגֶען, אַז עֶר זָאל זֵיין כֹּהֵן צוּ מִיר׃ 14 אוּנְד דוּא זָאלְסְט גֶענֶעהְנֶען זֵיינֶע זִיהְן אוּנְד דוּא זָאלְסְט זֵייא אָנְקְלֵיידֶען מִיט דִיא הֶעמְדֶער׃ 15 אוּנְד דוּא זָאלְסְט זֵייא זַאלְבֶּען גְלֵייךְ אַזוֹי וִויא דוּא הָאסְט גֶעזַאלְבְּט זֵייעֶר פָאטֶער, אַז זֵייא זָאלֶען צוּ מִיר זֵיין כֹּהֲנִים, אוּנְד זֵייעֶרֶע זַאלְבּוּנְג זָאל גֶעוִוים זֵיין פַאר זֵייא פַאר אֵיינֶע אֵייבִּיגֶע כְּהוּנָה, צוּ זֵייעֶרֶע גֶעשְׁלֶעכְטֶער׃ 16 אוּנְד מֹשֶׁה הָאט גֶעטְהוּן גְלֵייךְ אַזוֹי וִויא אַלֶעס וָואס גָאט הָאט אִיהְם גֶע־בָּאטֶען, אַזוֹי הָאט עֶר גֶעטְהוּן׃ 17 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אִין דֶעם עֶרְשְׁטֶען חֹדֶשׁ, אִין דֶעם אַנְדֶערְן יָאהְר אִין דֶעם עֶרְשְׁטֶען פוּן דֶעם חֹדֶשׁ, אִיז דָאס מִשְׁכָּן אוֹיפְגֶעשְׁטֶעלְט גֶעוָוארֶען׃ 18 אוּנְד מֹשֶׁה הָאט אוֹיפְגֶעשְׁטֶעלְט דָאס מִשְׁכָּן אוּנְד עֶר הָאט גֶעשְׁטֶעלְט זֵיינֶע שְׁוֶועל, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזֶעצְט זֵיינֶע בְּרֶעטֶער, אוּנְד עֶר הָאט אָנְגֶעלֵייגְט זֵיינֶע רִיגֶעל, אוּנְד עֶר הָאט אוֹיפְ־גֶעשְׁטֶעלְט זֵיינֶע זֵיילֶען׃ 19 אוּנְד עֶר הָאט אוֹיסְגֶעשְׁפְּרֵייט דָאס גֶעצֶעלְט אִיבֶּער דֶעם מִשְׁכָּן, אוּנְד עֶר הָאט גֶעלֵייגְט דִיא דֶעק פוּן דֶעם גֶעצֶעלְט אִיבֶּער אִיהְם פוּן אוֹיבֶּען, גְלֵייךְ אַזוֹי וִויא גָאט הָאט גֶעבָּאטֶען דֶעם מֹשֶׁה׃ 20 אוּנְד עֶר הָאט גֶענוּמֶען אוּנְד עֶר הָאט אַרֵיינְגֶעלֵייגְט דָאס צֵייגֶענִיס אִין דֶעם קַאסְטֶען אוּנְד עֶר הָאט גֶעלֵייגְט דִיא טְרָאג־שְׁטַאנְגֶען אוֹיף דֶעם קַאסְטֶען, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזֶעצְט דָאס אִיבֶּער־דֶעקֶעל (כַּפֹּרֶת) אוֹיף דֶעם קַאסְטֶען פוּן אוֹיבֶּען׃ 21 אוּנְד עֶר הָאט אַרֵיינְגֶעבְּרֶענְגְט דֶעם קַאסְטֶען אִין דֶעם מִשְׁכָּן, אוּנְד עֶר הָאט אוֹיפְגֶעהָאנְגֶען דִיא פָארְהַאנְג פוּן דִיא דֶעק, אוּנְד עֶר הָאט אִיבֶּערְגֶעדֶעקְט דֶעם קַאסְטֶען פוּן דֶעם צֵייגֶענִיס, גְלֵייךְ אַזוֹי וִויא גָאט הָאט גֶעבָּאטֶען דֶעם מֹשֶׁה׃ 22 אוּנְד עֶר הָאט גֶעשְׁטֶעלְט דֶעם טִישׁ אִין דֶעם גֶעצֶעלְט פוּן דִיא פֶערְזַאמְלוּנְג אוֹיף דִיא צָפוֹן־זֵייט פוּן דֶעם מִשְׁכָּן, אוֹיסֶעוֶוענִיג פוּן דֶעם פָארְהַאנְג׃ 23 אוּנְד עֶר הָאט אָנְגֶערִיכְט אוֹיף אִיהְם דִיא אָרְדְנוּנְג פוּן דֶעם בְּרוֹיט צוּ פַאר גָאט, גְלֵייךְ אַזוֹי וִויא גָאט הָאט גֶעבָּאטֶען דֶעם מֹשֶׁה׃ 24 אוּנְד עֶר הָאט גֶעשְׁטֶעלְט דֶעם לֵייכְטֶער אִין דֶעם גֶעצֶעלְט פוּן דִיא פֶערְזַאמְלוּנְג, קֶעגֶען אִיבֶּער דֶעם טִישׁ אוֹיף דִיא דָרוֹם־זֵייט פוּן דֶעם מִשְׁכָּן׃ 25 אוּנְד עֶר הָאט אָנְגֶעצִינְדֶען דִיא לַאמְפֶּען פַאר גָאט, גְלֵייךְ אַזוֹי וִויא גָאט הָאט גֶעבָּאטֶען דֶעם מֹשֶׁה׃ 26 אוּנְד עֶר הָאט גֶעשְׁטֶעלְט דֶעם גָאלְדֶענֶעם מִזְבֵּחַ אִין דֶעם גֶעצֶעלְט פוּן דִיא פֶערְזַאמְלוּנְג, פַאר דֶעם פָארְהַאנְג׃ 27 אוּנְד עֶר הָאט גֶעדֶעמְפְּט אוֹיף אִיהְם רוֹיךְ וֶוערְק פוּן וְואוֹילשְׁמֶעקֶענְדֶע גֶעוֶוערְץ, גְלֵייךְ אַזוֹי וִויא גָאט הָאט גֶעבָּאטֶען דֶעם מֹשֶׁה׃ 28 אוּנְד עֶר הָאט אוֹיפְגֶעהָאנְגֶען דִיא דֶעק פוּן דִיא טִיר צוּ דֶעם מִשְׁכָּן׃ 29 אוּנְד דֶעם מִזְבֵּחַ פוּן בְּרַאנְד־אָפְּפֶער הָאט עֶר גֶעשְׁטֶעלְט בֵּייא דִיא טִיר פוּן דֶעם מִשְׁכָּן פוּן דֶעם גֶעצֶעלְט פוּן דִיא פֶערְזַאמְלוּנְג, אוּנְד עֶר הָאט אוֹיף אִיהְם מַקְרִיב גֶע־וֶועזֶען דָאס בְּרַאנְד־אָפְּפֶער אוּנְד דָאס שְׁפֵּייז־אָפְּפֶער, גְלֵייךְ אַזוֹי וִויא גָאט הָאט גֶעבָּאטֶען דֶעם מֹשֶׁה׃ 30 אוּנְד עֶר הָאט גֶעשְׁטֶעלְט דֶעם הַאנְד־בֶּעקֶען צְוִוישֶׁען דֶעם גֶעצֶעלְט פוּן דִיא פֶערְזַאמְלוּנְג אוּנְד צְוִוישֶׁען דֶעם מִזְבֵּחַ, אוּנְד עֶר הָאט דָארְט אַרֵיינְגֶעגָאסֶען וַואסֶער זִיךְ צוּ וַואשֶׁען׃ 31 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זִיךְ גֶעוַואשֶׁען אוֹיס אִיהְם, מֹשֶׁה אוּנְד אַהֲרֹן אוּנְד זֵיינֶע זִיהְן, זֵייעֶרֶע הֶענְד אוּנְד זֵייעֶרֶע פִים׃ 32 וֶוען זֵייא זֶענֶען אַרֵיינְגֶעגַאנְגֶען אִין דֶעם גֶעצֶעלְט

פון

מוֹעֵד וּבְקָרְבָתָם אֶל־הַמִּזְבֵּחַ יִרְחָצוּ כַּאֲשֶׁר צִוָּה יְהוָה
33 אֶת־מֹשֶׁה׃ ס וַיָּקֶם אֶת־הֶחָצֵר סָבִיב לַמִּשְׁכָּן וְלַמִּזְבֵּחַ
וַיִּתֵּן אֶת־מָסַךְ שַׁעַר הֶחָצֵר וַיְכַל מֹשֶׁה אֶת־הַמְּלָאכָה׃ פ
34 וַיְכַס הֶעָנָן אֶת־אֹהֶל מוֹעֵד וּכְבוֹד יְהוָה מָלֵא אֶת־
לה הַמִּשְׁכָּן׃ וְלֹא־יָכֹל מֹשֶׁה לָבוֹא אֶל־אֹהֶל מוֹעֵד כִּי־
36 שָׁכַן עָלָיו הֶעָנָן וּכְבוֹד יְהוָה מָלֵא אֶת־הַמִּשְׁכָּן׃ וּבְהֵעָלוֹת
הֶעָנָן מֵעַל הַמִּשְׁכָּן יִסְעוּ בְּנֵי יִשְׂרָאֵל בְּכֹל מַסְעֵיהֶם׃
37 וְאִם־לֹא יֵעָלֶה הֶעָנָן וְלֹא יִסְעוּ עַד־יוֹם הֵעָלֹתוֹ׃ כִּי עֲנַן
38 יְהוָה עַל־הַמִּשְׁכָּן יוֹמָם וְאֵשׁ תִּהְיֶה לַיְלָה בּוֹ לְעֵינֵי כָל־
בֵּית־יִשְׂרָאֵל בְּכָל־מַסְעֵיהֶם׃

## ח ז ק

סכום פסוקי דספר ואלה שמות אלף ומאתים ותשעה. **אר״ט** סימן: וחציו אלהים לא תקלל: ופרשיותיו **אחד עשר**. **אי זה** בית אשר תבנו לי סימן: וסדריו **עשרים ותשעה**. ולילה ללילה יחוה דעת סימן: ופרקיו **ארבעים**. תורת אלהיו **בלבו** סימן: מנין הפתוחות **תשע וששים**. והסתומות **חמש ותשעים**. הכל **מאה וששים וארבע פרשיות**: ישלח עזרך מקדש ומציון יסעדך סימן:

פוּן דִּיא פֶערְזַאמְלוּנְג, אוּנְד וֶוען זַייא
הָאבֶּען זִיךְ גֶענֶעהְנְט צוּ דֶעם מִזְבֵּחַ
הָאבֶּען זַייא זִיךְ גֶעוַואשֶׁען, גְלֵייךְ אַזוֹי
ווִיא גָאט הָאט גֶעבָּאטֶען מֹשֶׁה׃ 33 אוּנְד
עֶר הָאט אוֹיפְגֶעשְׁטֶעלְט דֶעם פָּארהוֹיף
רִינְגְסאַרוּם צוּ דֶעם מִשְׁכָּן אוּנְד צוּ דֶעם
מִזְבֵּחַ, אוּנְד עֶר הָאט אוֹיפְגֶעהָאנְגֶען דִּיא
דֶעק פוּן דֶעם טוֹיעֶר פוּן דֶעם פָּארהוֹיף,
אוּנְד מֹשֶׁה הָאט גֶעעֶנְדִיגְט דָאס וֶוערְק׃
34 אוּנְד דֶער וָואלְקֶען הָאט בֶּעדֶעקְט
דָאס גֶעצֶעלְט פוּן דִיא פֶערְזַאמְלוּנְג, אוּנְד
דִיא הֶערְלִיכְקֵייט פוּן גָאט הָאט דֶערְפִילְט
דָאס מִשְׁכָּן׃ 35 אוּנְד מֹשֶׁה הָאט נִיט
גֶעקָאנְט אַרֵיינְקוּמֶען אִין דֶעם גֶעצֶעלְט
פוּן דִיא פֶערְזַאמְלוּנְג, ווֵייל דֶער וָואלְקֶען
הָאט גֶערוּהְט אוֹיף אִיהְם, אוּנְד דִיא
הֶערְלִיכְקֵייט פוּן גָאט הָאט דֶערְפִילְט
דָאס מִשְׁכָּן׃ 36 אוּנְד וֶוען דֶער וָואלְקֶען
אִיז אוֹיפְגֶעגַאנְגֶען פוּן דֶעם מִשְׁכָּן, הָאבֶּען
דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל גֶעצוֹיגֶען אִין אַלֶע זֵייעֶרֶע צִיהוּנְגֶען׃ 37 אוּנְד וֶוען דֶער
וָואלְקֶען אִיז נִיט אוֹיפְגֶעגַאנְגֶען, אַזוֹי הָאבֶּען זֵייא נִיט גֶעצוֹיגֶען, בִּיז דֶעם טָאג
וֶוען עֶר אִיז אוֹיפְגֶעגַאנְגֶען׃ 38 וָוארִין דֶער וָואלְקֶען פוּן גָאט אִיז גֶעוֶועזֶען
אוֹיף דֶעם מִשְׁכָּן בֵּייא טָאג, אוּנְד פֵייעֶר אִיז גֶעוֶועזֶען אוֹיף אִיהְם בֵּייא נַאכְט,
פַאר דִיא אוֹיגֶען פוּן דֶעם גַאנְצֶען הוֹיז יִשְׂרָאֵל, אִין אַלֶע זֵייעֶרֶע צִיהוּנְגֶען׃

חזק.

אַלע פסוקים פֿון דעם ספר שמות זענען איין טויזענד צווייא הונדערט אונד נײַן. דיא העלפֿט דאפֿון איז קאפיטעל כ״ב, כ״ז. אונד עס האט פֿירציג קאפיטעל, אונד עלף פרשיות.

# ויקרא

א וַיִּקְרָא אֶל־מֹשֶׁה וַיְדַבֵּר יְהוָה אֵלָיו מֵאֹהֶל מוֹעֵד לֵאמֹר:
2 דַּבֵּר אֶל־בְּנֵי יִשְׂרָאֵל וְאָמַרְתָּ אֲלֵהֶם אָדָם כִּי־יַקְרִיב מִכֶּם
קָרְבָּן לַיהוָה מִן־הַבְּהֵמָה מִן־הַבָּקָר וּמִן־הַצֹּאן תַּקְרִיבוּ
3 אֶת־קָרְבַּנְכֶם: אִם־עֹלָה קָרְבָּנוֹ מִן־הַבָּקָר זָכָר תָּמִים
יַקְרִיבֶנּוּ אֶל־פֶּתַח אֹהֶל מוֹעֵד יַקְרִיב אֹתוֹ לִרְצֹנוֹ לִפְנֵי
4 יְהוָה: וְסָמַךְ יָדוֹ עַל רֹאשׁ הָעֹלָה וְנִרְצָה לוֹ לְכַפֵּר עָלָיו:
ה וְשָׁחַט אֶת־בֶּן הַבָּקָר לִפְנֵי יְהוָה וְהִקְרִיבוּ בְּנֵי אַהֲרֹן
הַכֹּהֲנִים אֶת־הַדָּם וְזָרְקוּ אֶת־הַדָּם עַל־הַמִּזְבֵּחַ סָבִיב
6 אֲשֶׁר־פֶּתַח אֹהֶל מוֹעֵד: וְהִפְשִׁיט אֶת־הָעֹלָה וְנִתַּח אֹתָהּ
7 לִנְתָחֶיהָ: וְנָתְנוּ בְּנֵי אַהֲרֹן הַכֹּהֵן אֵשׁ עַל־הַמִּזְבֵּחַ וְעָרְכוּ
8 עֵצִים עַל־הָאֵשׁ: וְעָרְכוּ בְּנֵי אַהֲרֹן הַכֹּהֲנִים אֵת הַנְּתָחִים
אֶת־הָרֹאשׁ וְאֶת־הַפָּדֶר עַל־הָעֵצִים אֲשֶׁר עַל־הָאֵשׁ אֲשֶׁר
9 עַל־הַמִּזְבֵּחַ: וְקִרְבּוֹ וּכְרָעָיו יִרְחַץ בַּמָּיִם וְהִקְטִיר הַכֹּהֵן
אֶת־הַכֹּל הַמִּזְבֵּחָה עֹלָה אִשֵּׁה רֵיחַ־נִיחוֹחַ לַיהוָה: ס
י וְאִם־מִן־הַצֹּאן קָרְבָּנוֹ מִן־הַכְּשָׂבִים אוֹ מִן־הָעִזִּים לְעֹלָה
11 זָכָר תָּמִים יַקְרִיבֶנּוּ: וְשָׁחַט אֹתוֹ עַל יֶרֶךְ הַמִּזְבֵּחַ צָפֹנָה
לִפְנֵי יְהוָה וְזָרְקוּ בְּנֵי אַהֲרֹן הַכֹּהֲנִים אֶת־דָּמוֹ עַל־הַמִּזְבֵּחַ
12 סָבִיב: וְנִתַּח אֹתוֹ לִנְתָחָיו וְאֶת־רֹאשׁוֹ וְאֶת־פִּדְרוֹ וְעָרַךְ
הַכֹּהֵן אֹתָם עַל־הָעֵצִים אֲשֶׁר עַל־הָאֵשׁ אֲשֶׁר עַל־הַמִּזְבֵּחַ:

1 אונד גאט האט גערופען צו משה
אונד ער האט צו איהם גערעט פון דעם
געצעלט פון דיא פערזאמלונג, אזוי צו
זאגען: 2 רעד צו דיא קינדער ישראל
אונד דוא זאלסט צו זייא זאגען, ווען
א מענש וועט פון אייך מקריב זיין א
קרבן צו גאט, פון דיא בהמות פון דיא
רינדער אונד פון דיא שאף זאלט איהר
מקריב זיין אייערע קרבנות: 3 ווען זיין
קרבן איז א בראנד־אפפער פון דיא
רינדער אזוי זאל ער מקריב זיין א זכר
אהן א פעהלער, צו דיא טיר פון דעם
געצעלט פון דיא פערזאמלונג זאל ער
עס מקריב זיין, צו איין וואוילגעפאלען
פאר גאט: 4 אונד ער זאל לייגען זיינע
האנד אויף דעם קאפ פון דעם בראנד־
אפפער, אזוי וועט עס אנגענעהם זיין
פון זיינעט וועגען, פאר איהם מכפר צו
זיין: 5 אונד ער זאל שעכטען דאס
יונגע רינד פאר גאט, אונד דיא זיהן פון אהרן, דיא כהנים, זאלען מקריב זיין דאס
בלוט, אונד זייא זאלען שפרענגען דאס בלוט אויף דעם מזבח רינגסארום, וואס איז
ביי דיא טיר פון דעם געצעלט פון דיא פערזאמלונג: 6 אונד מען זאל דאס פעל
אפציהען פון דעם בראנד־אפפער, אונד מען זאל עס צושניידען צו זיינע שטיקער:
7 אונד דיא זיהן פון אהרן הכהן זאלען לייגען פייער אויף דעם מזבח, אונד זייא
זאלען אנריכטען דיא העלצער אויף דעם פייער: 8 אונד דיא זיהן פון אהרן דיא
כהנים, זאלען אנריכטען דיא שטיקער, דעם קאפ אונד דאס פעט, אויף דיא
העלצער וואס זענען אויף דעם פייער, וואס איז אויף דעם מזבח: 9 אבער זיין
איינגעווייד אונד זיינע שענקעל זאל מען וואשען אים וואסער, אונד דער כהן זאל
דאס אלעס דעמפען אויף דעם מזבח, עס איז א בראנד־אפפער א פייער־אפפער, א
ליבליכער געשמאק צו גאט: 10 אונד ווען זיין קרבן איז פון דיא שאף, פון דיא
לעמער, אדער פון דיא ציגען, פאר א בראנד־אפפער, אזוי זאל ער מקריב זיין א
זכר אהן א פעהלער: 11 אונד ער זאל עס שעכטען אויף דיא צפון־זייט פון דעם
מזבח, פאר גאט, אונד דיא זיהן פון אהרן דיא כהנים, זאלען שפרענגען זיין
בלוט אויף דעם מזבח רינגסארום: 12 אונד מען זאל איהם צושניידען צו
זיינע שטיקער, אונד זיין קאפ אונד זיין פעט, אונד דער כהן זאל זייא אנריכטען
אויף דיא העלצער וואס זענען אויף דעם פייער, וואס איז אויף דעם מזבח:

אונד

## ח

א 2 וַיְדַבֵּר יְהוָה אֶל־מֹשֶׁה לֵּאמֹר: קַח אֶת־אַהֲרֹן וְאֶת־בָּנָיו
אִתּוֹ וְאֵת הַבְּגָדִים וְאֵת שֶׁמֶן הַמִּשְׁחָה וְאֵת ׀ פַּר הַחַטָּאת
3 וְאֵת שְׁנֵי הָאֵילִים וְאֵת סַל הַמַּצּוֹת: וְאֵת כָּל־הָעֵדָה
4 הַקְהֵל אֶל־פֶּתַח אֹהֶל מוֹעֵד: וַיַּעַשׂ מֹשֶׁה כַּאֲשֶׁר צִוָּה
ה יְהוָה אֹתוֹ וַתִּקָּהֵל הָעֵדָה אֶל־פֶּתַח אֹהֶל מוֹעֵד: וַיֹּאמֶר
מֹשֶׁה אֶל־הָעֵדָה זֶה הַדָּבָר אֲשֶׁר־צִוָּה יְהוָה לַעֲשׂוֹת:
6 וַיַּקְרֵב מֹשֶׁה אֶת־אַהֲרֹן וְאֶת־בָּנָיו וַיִּרְחַץ אֹתָם בַּמָּיִם:
7 וַיִּתֵּן עָלָיו אֶת־הַכֻּתֹּנֶת וַיַּחְגֹּר אֹתוֹ בָּאַבְנֵט וַיַּלְבֵּשׁ אֹתוֹ
אֶת־הַמְּעִיל וַיִּתֵּן עָלָיו אֶת־הָאֵפֹד וַיַּחְגֹּר אֹתוֹ בְּחֵשֶׁב
8 הָאֵפֹד וַיֶּאְפֹּד לוֹ בּוֹ: וַיָּשֶׂם עָלָיו אֶת־הַחֹשֶׁן וַיִּתֵּן אֶל־
9 הַחֹשֶׁן אֶת־הָאוּרִים וְאֶת־הַתֻּמִּים: וַיָּשֶׂם אֶת־הַמִּצְנֶפֶת עַל־
רֹאשׁוֹ וַיָּשֶׂם עַל־הַמִּצְנֶפֶת אֶל־מוּל פָּנָיו אֵת צִיץ הַזָּהָב
י נֵזֶר הַקֹּדֶשׁ כַּאֲשֶׁר צִוָּה יְהוָה אֶת־מֹשֶׁה: וַיִּקַּח מֹשֶׁה
אֶת־שֶׁמֶן הַמִּשְׁחָה וַיִּמְשַׁח אֶת־הַמִּשְׁכָּן וְאֶת־כָּל־אֲשֶׁר־בּוֹ
11 וַיְקַדֵּשׁ אֹתָם: וַיַּז מִמֶּנּוּ עַל־הַמִּזְבֵּחַ שֶׁבַע פְּעָמִים וַיִּמְשַׁח
אֶת־הַמִּזְבֵּחַ וְאֶת־כָּל־כֵּלָיו וְאֶת־הַכִּיֹּר וְאֶת־כַּנּוֹ לְקַדְּשָׁם:
12 וַיִּצֹק מִשֶּׁמֶן הַמִּשְׁחָה עַל רֹאשׁ אַהֲרֹן וַיִּמְשַׁח אֹתוֹ
13 לְקַדְּשׁוֹ: וַיַּקְרֵב מֹשֶׁה אֶת־בְּנֵי אַהֲרֹן וַיַּלְבִּשֵׁם כֻּתֳּנֹת
וַיַּחְגֹּר אֹתָם אַבְנֵט וַיַּחֲבֹשׁ לָהֶם מִגְבָּעוֹת כַּאֲשֶׁר צִוָּה
14 יְהוָה אֶת־מֹשֶׁה: וַיַּגֵּשׁ אֵת פַּר הַחַטָּאת וַיִּסְמֹךְ אַהֲרֹן
טו וּבָנָיו אֶת־יְדֵיהֶם עַל־רֹאשׁ פַּר הַחַטָּאת: וַיִּשְׁחָט וַיִּקַּח
מֹשֶׁה אֶת־הַדָּם וַיִּתֵּן עַל־קַרְנוֹת הַמִּזְבֵּחַ סָבִיב בְּאֶצְבָּעוֹ
וַיְחַטֵּא אֶת־הַמִּזְבֵּחַ וְאֶת־הַדָּם יָצַק אֶל־יְסוֹד הַמִּזְבֵּחַ
16 וַיְקַדְּשֵׁהוּ לְכַפֵּר עָלָיו: וַיִּקַּח אֶת־כָּל־הַחֵלֶב אֲשֶׁר עַל־
הַקֶּרֶב וְאֵת יֹתֶרֶת הַכָּבֵד וְאֶת־שְׁתֵּי הַכְּלָיֹת וְאֶת־חֶלְבְּהֶן
17 וַיַּקְטֵר מֹשֶׁה הַמִּזְבֵּחָה: וְאֶת־הַפָּר וְאֶת־עֹרוֹ וְאֶת־בְּשָׂרוֹ

## קאפיטעל ח

1 אונד גאט האט גערעט צו משה אזוי
צו זאגען: 2 נעם אהרן אונד זיינע זיהן
מיט איהם, אונד דיא קליידער אונד דאס
אייל פון דיא זאלבונג, אונד דעם שטיער
פון דעם זינד־אפפער אונד דיא צוויא
ווידער, אונד דעם קארב פון מצות:
3 אונד פערזאמעל דיא גאנצע געמיינדע
צו דער טיר פון דעם געצעלט פון דיא
פערזאמלונג: 4 אונד משה האט געטהון
גלייך אזוי וויא גאט האט איהם געבא־
טען, אונד דיא געמיינדע האט זיך
פערזאמעלט צו דער טיר פון דעם
געצעלט פון דיא פערזאמלונג: 5 אונד
משה האט געזאגט צו דיא געמיינדע,
דאס איז דאס ווארט וואס גאט האט
געבאטען צו טהון: 6 אונד משה האט
גענעהנט אהרן אונד זיינע זיהן, אונד ער
האט זייא געוואשען מיט וואסער: 7 אונד
ער האט איהם אנגעטהון דאס העמד,
אונד ער האט איהם אנגעגארטעלט מיט
דעם גארטעל, אונד ער האט איהם אנ־
געקליידעט מיט דעם אויבער־העמד,
אונד ער האט איהם אנגעטהון דעם אפד,
אונד ער האט איהם אנגעגארטעלט מיט
דעם גארטעל פון דעם אפד אונד ער
האט איהם געגארטעלט דאמיט: 8 אונד ער האט אויף איהם געטהון דיא ברוסט־שפאן,
אונד ער האט געלייגט אויף דיא ברוסט־שפאן דיא אורים אונד תמים: 9 אונד ער האט
געטהון דיא הויב אויף זיין קאפ, אונד ער האט געטהון אויף דיא הויב, קעגענאיבער
דיא פארדערשטע זייט, דאס גאלדענע בלעך, דיא היילינע קרוין, גלייך אזוי וויא גאט
האט געבאטען משה: 10 אונד משה האט גענומען דאס אייל פון דיא זאלבונג, אונד ער
האט געזאלבט דאס משכן אונד אלעס וואס איז דארין געוועזען, אונד ער האט
זייא געהייליגט: 11 אונד ער האט דאפון געשפרענגט אויף דעם מזבח זיבען מאל,
אונד ער האט געזאלבט דעם מזבח אונד אלע זיינע כלים, אונד דעם האנד־בעקען
אונד זיין געשטעל, זייא צו היילינען: 12 אונד ער האט נעגאסען פון דעם אייל פון
דיא זאלבונג אויף דעם קאפ פון אהרן, אונד ער האט איהם געזאלבט איהם צו
היילינען: 13 אונד משה האט גענעהנט דיא זיהן פון אהרן, אונד ער האט זייא
אנגעקליידעט העמדער, אונד ער האט זייא אנגעגארטעלט מיט דעם גארטעל,
אונד ער האט אויף זייא אנגעבונדען דיא הויכע הויבען, אזוי וויא גאט
האט געבאטען משה: 14 אונד ער האט גענעהנט דעם שטיער פון דעם
זינד־אפפער, אונד אהרן אונד זיינע זיהן האבען געלעגט זייערע הענד אויף
דעם קאפ פון דעם שטיער פון דעם זינד־אפפער: 15 אונד ער האט
איהם געשאכטען, אונד משה האט גענומען דאס בלוט, אונד ער האט עס
געטהון אויף דיא הערנער פון דעם מזבח רינגסארום מיט זיין פינגער,
אונד ער האט גערייניגט דעם מזבח, אונד דאס בלוט האט ער אויסגע־
גאסען אן דעם גרונד פון דעם מזבח, אונד ער האט איהם געהייליגט אויף
איהם מכפר צו זיין: 16 אונד ער האט גענומען דאס גאנצע אינשליט
וואס איז געוועזען אויף דעם איינגעווייד, אונד דאס רויטפלייש פון דער
לעבער, אונד דיא צוויא נירען אונד זייער אינשליט, אונד משה האט עס
געדעמפט אויף דעם מזבח: 17 אונד דעם שטיער אונד זיינע הויט אונד זיין פלייש

וְאֶת־פִּרְשׁוֹ שָׂרַף בָּאֵשׁ מִחוּץ לַמַּחֲנֶה כַּאֲשֶׁר צִוָּה יְהוָה
18 אֶת־מֹשֶׁה׃ וַיַּקְרֵב אֵת אֵיל הָעֹלָה וַיִּסְמְכוּ אַהֲרֹן וּבָנָיו
19 אֶת־יְדֵיהֶם עַל־רֹאשׁ הָאָיִל׃ וַיִּשְׁחָט וַיִּזְרֹק מֹשֶׁה אֶת־
כ הַדָּם עַל־הַמִּזְבֵּחַ סָבִיב׃ וְאֶת־הָאַיִל נִתַּח לִנְתָחָיו וַיַּקְטֵר
21 מֹשֶׁה אֶת־הָרֹאשׁ וְאֶת־הַנְּתָחִים וְאֶת־הַפָּדֶר׃ וְאֶת־הַקֶּרֶב
וְאֶת־הַכְּרָעַיִם רָחַץ בַּמָּיִם וַיַּקְטֵר מֹשֶׁה אֶת־כָּל־הָאַיִל
הַמִּזְבֵּחָה עֹלָה הוּא לְרֵיחַ־נִיחֹחַ אִשֶּׁה הוּא לַיהוָה
22 כַּאֲשֶׁר צִוָּה יְהוָה אֶת־מֹשֶׁה׃ וַיַּקְרֵב אֶת־הָאַיִל הַשֵּׁנִי
אֵיל הַמִּלֻּאִים וַיִּסְמְכוּ אַהֲרֹן וּבָנָיו אֶת־יְדֵיהֶם עַל־רֹאשׁ
23 הָאָיִל׃ וַיִּשְׁחָט ׀ וַיִּקַּח מֹשֶׁה מִדָּמוֹ וַיִּתֵּן עַל־תְּנוּךְ אֹזֶן
אַהֲרֹן הַיְמָנִית וְעַל־בֹּהֶן יָדוֹ הַיְמָנִית וְעַל־בֹּהֶן רַגְלוֹ
24 הַיְמָנִית׃ וַיַּקְרֵב אֶת־בְּנֵי אַהֲרֹן וַיִּתֵּן מֹשֶׁה מִן־הַדָּם עַל־
תְּנוּךְ אָזְנָם הַיְמָנִית וְעַל־בֹּהֶן יָדָם הַיְמָנִית וְעַל־בֹּהֶן רַגְלָם
כה הַיְמָנִית וַיִּזְרֹק מֹשֶׁה אֶת־הַדָּם עַל־הַמִּזְבֵּחַ סָבִיב׃ וַיִּקַּח
אֶת־הַחֵלֶב וְאֶת־הָאַלְיָה וְאֶת־כָּל־הַחֵלֶב אֲשֶׁר עַל־הַקֶּרֶב
וְאֵת יֹתֶרֶת הַכָּבֵד וְאֶת־שְׁתֵּי הַכְּלָיֹת וְאֶת־חֶלְבְּהֶן וְאֵת
26 שׁוֹק הַיָּמִין׃ וּמִסַּל הַמַּצּוֹת אֲשֶׁר ׀ לִפְנֵי יְהוָה לָקַח חַלַּת
מַצָּה אַחַת וְחַלַּת לֶחֶם שֶׁמֶן אַחַת וְרָקִיק אֶחָד וַיָּשֶׂם
27 עַל־הַחֲלָבִים וְעַל שׁוֹק הַיָּמִין׃ וַיִּתֵּן אֶת־הַכֹּל עַל כַּפֵּי
28 אַהֲרֹן וְעַל כַּפֵּי בָנָיו וַיָּנֶף אֹתָם תְּנוּפָה לִפְנֵי יְהוָה׃ וַיִּקַּח
מֹשֶׁה אֹתָם מֵעַל כַּפֵּיהֶם וַיַּקְטֵר הַמִּזְבֵּחָה עַל־הָעֹלָה
29 מִלֻּאִים הֵם לְרֵיחַ נִיחֹחַ אִשֶּׁה הוּא לַיהוָה׃ וַיִּקַּח מֹשֶׁה
אֶת־הֶחָזֶה וַיְנִיפֵהוּ תְנוּפָה לִפְנֵי יְהוָה מֵאֵיל הַמִּלֻּאִים
ל לְמֹשֶׁה הָיָה לְמָנָה כַּאֲשֶׁר צִוָּה יְהוָה אֶת־מֹשֶׁה׃ וַיִּקַּח
מֹשֶׁה מִשֶּׁמֶן הַמִּשְׁחָה וּמִן־הַדָּם אֲשֶׁר עַל־הַמִּזְבֵּחַ וַיַּז עַל־
אַהֲרֹן עַל־בְּגָדָיו וְעַל־בָּנָיו וְעַל־בִּגְדֵי בָנָיו אִתּוֹ וַיְקַדֵּשׁ
אֶת־אַהֲרֹן אֶת־בְּגָדָיו וְאֶת־בָּנָיו וְאֶת־בִּגְדֵי בָנָיו אִתּוֹ׃

אוּנְד זַיין מִיסְט הָאט עֶר פֶערבְּרֶענְט אִים פַייעֶר, אוֹיסֶעוָוייניג פוּן דֶער מַחֲנֶה, גְלֵייךְ אַזוֹי וִויא גָאט הָאט גֶעבָּאטֶען מֹשֶׁה: 18 אוּנְד עֶר הָאט גֶענֶעהְנְט דֶעם וִוידֶער פוּן דֶעם בְּרַאנְד אָפְּפֶער, אוּנְד אַהֲרֹן אוּנְד זַיינֶע זִיהְן הָאבֶּען גֶעלֵייגְט זַיירֶע הֶענְד אוֹיף דֶעם קָאפּ פוּן דֶעם וִוידֶער: 19 אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם גֶע־שָׁאכְטֶען, אוּנְד מֹשֶׁה הָאט גֶעשְׁפְּרֶענְגְט דָאס בְּלוּט אוֹיף דֶעם מִזְבֵּחַ רִינְגְס אַרוּם: 20 אוּנְד דֶעם וִוידֶער הָאט עֶר צוּטֵיילְט אִין זַיינֶע שְׁטִיקֶער, אוּנְד מֹשֶׁה הָאט גֶע־דֶעמְפְּט דֶעם קָאפּ אוּנְד דִיא שְׁטִיקֶער אוּנְד דָאס פֶעט: 21 אוּנְד דָאס אֵיינְגֶעוֵוייד אוּנְד דִיא שֶׁענְקֶעל הָאט עֶר גֶעוַואשֶׁען מִיט וַואסֶער, אוּנְד מֹשֶׁה הָאט גֶעדֶעמְפְּט דֶעם גַאנְצֶען וִוידֶער אוֹיף דֶעם מִזְבֵּחַ דָאס אִיז דָאס בְּרַאנְד אָפְּפֶער פַאר אַ לִיבְּלִיכֶען גֶעשְׁמַאק, דָאס אִיז אַ פַייעֶר אָפְּפֶער צוּ גָאט, אַזוֹי וִויא גָאט הָאט גֶעבָּאטֶען מֹשֶׁה: 22 אוּנְד עֶר הָאט גֶענֶעהְנְט דֶעם אַנְדֶערֶען וִוידֶער, דֶעם וִוידֶער פוּן דֶער דֶערְפִילוּנְג, אוּנְד אַהֲרֹן אוּנְד זַיינֶע זִיהְן הָאבֶּען גֶעלֵייגְט זַיירֶע הֶענְד אוֹיף דֶעם קָאפּ פוּן דֶעם וִוידֶער: 23 אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם גֶעשָׁאכְטֶען, אוּנְד מֹשֶׁה הָאט גֶענוּמֶען פוּן זַיין בְּלוּט, אוּנְד עֶר הָאט עֶס גֶעטְהוּן אוֹיף דֶעם רֶעכְטֶען אָהְר־לַאפֶּען פוּן אַהֲרֹן, אוּנְד אוֹיף דֶעם דוֹימֶען פוּן זַיינֶע רֶעכְטֶע הַאנְד אוּנְד אוֹיף דֶעם דוֹימֶען פוּן זַיין רֶעכְטֶען פוּס: 24 אוּנְד עֶר הָאט גֶענֶעהְנְט דִיא זִיהְן פוּן אַהֲרֹן, אוּנְד מֹשֶׁה הָאט גֶעטְהוּן פוּן דֶעם בְּלוּט אוֹיף זַיירֶע רֶעכְטֶע אָהְר־לַאפֶּען, אוּנְד אוֹיף דֶעם דוֹימֶען פוּן זַיירֶע רֶעכְטֶע הַאנְד, אוּנְד אוֹיף דֶעם דוֹימֶען פוּן זַיירֶע רֶעכְטֶע פִיס, אוּנְד מֹשֶׁה הָאט גֶעשְׁפְּרֶענְגְט דָאס בְּלוּט אוֹיף דֶעם מִזְבֵּחַ, רִינְגְס אַרוּם: 25 אוּנְד עֶר הָאט גֶע־נוּמֶען דָאס אִינְשְׁלִיט אוּנְד דָאס וֵויידֶעל אוּנְד דָאס גַאנְצֶע אִינְשְׁלִיט וָואס אִיז גֶעוֶועזֶען אוֹיף דֶעם אֵיינְגֶעוֵוייד, אוּנְד דָאס רוֹיטְפְלֵיישׁ פוּן דֶער לֶעבֶּער, אוּנְד דִיא צְוֵוייא נִירֶען, אוּנְד זֵייעֶר אִינְשְׁלִיט, אוּנְד דִיא רֶעכְטֶע שׁוּלְטֶער: 26 אוּנְד פוּן דֶעם קָארְבּ מַצּוֹת וָואס אִיז גֶעוֶועזֶען פַאר גָאט, הָאט עֶר גֶענוּמֶען אֵיינֶע מַצָּה־חַלָּה, אוּנְד אֵיינֶע חַלָּה פוּן דֶעם אֵייל־בְּרוֹיט, אוּנְד אַ דִינֶען קוּכֶען, אוּנְד עֶר הָאט זֵייא גֶעלֵייגְט אוֹיף דֶעם אִינְשְׁלִיט אוּנְד אוֹיף דֶער רֶעכְטֶע שׁוּלְטֶער: 27 אוּנְד עֶר הָאט דָאס אַלֶעס גֶעלֵייגְט אוֹיף דִיא הֶענְד פוּן אַהֲרֹן אוּנְד אוֹיף דִיא הֶענְד פוּן זַיינֶע זִיהְן, אוּנְד עֶר הָאט זֵייא אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען אֵיינֶע אוֹיפְהֵייבּוּנְג פַאר גָאט: 28 אוּנְד מֹשֶׁה הָאט זֵייא אָפְּגֶענוּמֶען פוּן זַיירֶע הֶענְד, אוּנְד עֶר הָאט עֶס גֶעדֶעמְפְּט אוֹיף דֶעם מִזְבֵּחַ אוֹיף דֶעם בְּרַאנְד אָפְּפֶער, דָאס זֶענֶען דִיא דֶערְפִילוּנְג פַאר אַ לִיבְּלִיכֶען גֶעשְׁמַאק, דָאס אִיז אַ פַייעֶר אָפְּפֶער צוּ גָאט: 29 אוּנְד מֹשֶׁה הָאט גֶענוּמֶען דִיא בְּרוּסְט, אוּנְד עֶר הָאט זֵייא אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען אֵיינֶע אוֹיפְהֵייבּוּנְג פַאר גָאט, פוּן דֶעם וִוידֶער פוּן דֶער דֶערְפִילוּנְג פַאר מֹשֶׁה אִיז עֶס גֶעוֶועזֶען אַ גָאבּ, וִויא גָאט הָאט גֶעבָּאטֶען מֹשֶׁה: 30 אוּנְד מֹשֶׁה הָאט גֶענוּמֶען פוּן דֶעם אֵייל פוּן דִיא זַאלְבּוּנְג אוּנְד פוּן דֶעם וָואס אִיז גֶעוֶועזֶען אוֹיף דֶעם מִזְבֵּחַ, אוּנְד עֶר הָאט עֶס גֶעשְׁפְּרֶענְגְט אוֹיף אַהֲרֹן אוֹיף זַיינֶע קְלֵיידֶער, אוּנְד אוֹיף זַיינֶע זִיהְן, אוּנְד אוֹיף דִיא קְלֵיידֶער פוּן זַיינֶע זִיהְן מִיט אִיהְם, אוּנְד עֶר הָאט גֶעהֵיילִיגְט אַהֲרֹן, זַיינֶע קְלֵיידֶער אוּנְד זַיינֶע זִיהְן, אוּנְד דִיא קְלֵיידֶער פוּן זַיינֶע זִיהְן מִיט אִיהְם:

אוּנְד

31 אונד משה האט געזאגט צו אהרן אונד צו זיינע זיהן, קאכט דאס פליישׁ נעבען דיא טיר פון דעם געצעלט פון דיא פערזאמלונג, אונד דארט זאלט איהר עס עסען, אונד דאס ברויט וואס איז אין דעם קארב פון דער דערפילונג, גלייך וויא איך האב געבאטען צו זאגען, אהרן אונד זיינע זיהן זאלען עס עסען: 32 אונד וואס איבריג בלייבט פון דעם פליישׁ אונד פון דעם ברויט, זאלט איהר אים פייער פערברענען: 33 אונד פון דיא טיר פון דעם געצעלט פון דיא פערזאמלונג זאלט איהר ניט ארויסגיין זיבען טעג, ביז צו דעם טאג וואס וועט ערפילט ווערען דיא טעג פון אייערע דערפילונג, ווארין אין זיבען טעג וועלען אייערע הענד דערפילט ווערען: 34 וויא ער האט געטהון אין דעם דאזיגען טאג, אזוי האט גאט געבאטען צו טהון מכפר צו זיין ווענען אייך: 35 אונד נעבען דיא טיר פון דעם געצעלט פון דיא פערזאמלונג זאלט איהר זיצען ביי טאג אונד ביי נאכט זיבען טעג, אונד איהר זאלט היטען דיא היטונג פון גאט, אז איהר זאלט ניט שׁטארבען, ווארין איך בין אזוי געבאטען געווארען: 36 אונד אהרן אונד זיינע זיהן האבען געטהון אלע זאכען וואס גאט האט געבאטען דורך משה:

31 וַיֹּאמֶר מֹשֶׁה אֶל־אַהֲרֹן וְאֶל־בָּנָיו בַּשְּׁלוּ אֶת־הַבָּשָׂר פֶּתַח
אֹהֶל מוֹעֵד וְשָׁם תֹּאכְלוּ אֹתוֹ וְאֶת־הַלֶּחֶם אֲשֶׁר בְּסַל
32 הַמִּלֻּאִים כַּאֲשֶׁר צִוֵּיתִי לֵאמֹר אַהֲרֹן וּבָנָיו יֹאכְלֻהוּ׃ וְהַנּוֹתָר
33 בַּבָּשָׂר וּבַלָּחֶם בָּאֵשׁ תִּשְׂרֹפוּ׃ וּמִפֶּתַח אֹהֶל מוֹעֵד לֹא
תֵצְאוּ שִׁבְעַת יָמִים עַד יוֹם מְלֹאת יְמֵי מִלֻּאֵיכֶם כִּי שִׁבְעַת
34 יָמִים יְמַלֵּא אֶת־יֶדְכֶם׃ כַּאֲשֶׁר עָשָׂה בַּיּוֹם הַזֶּה צִוָּה יְהוָה
לה לַעֲשֹׂת לְכַפֵּר עֲלֵיכֶם׃ וּפֶתַח אֹהֶל מוֹעֵד תֵּשְׁבוּ יוֹמָם
וָלַיְלָה שִׁבְעַת יָמִים וּשְׁמַרְתֶּם אֶת־מִשְׁמֶרֶת יְהוָה וְלֹא
36 תָמוּתוּ כִּי־כֵן צֻוֵּיתִי׃ וַיַּעַשׂ אַהֲרֹן וּבָנָיו אֵת כָּל־הַדְּבָרִים
אֲשֶׁר־צִוָּה יְהוָה בְּיַד־מֹשֶׁה׃

ט

א וַיְהִי בַּיּוֹם הַשְּׁמִינִי קָרָא מֹשֶׁה לְאַהֲרֹן וּלְבָנָיו וּלְזִקְנֵי
2 יִשְׂרָאֵל׃ וַיֹּאמֶר אֶל־אַהֲרֹן קַח־לְךָ עֵגֶל בֶּן־בָּקָר לְחַטָּאת
3 וְאַיִל לְעֹלָה תְּמִימִם וְהַקְרֵב לִפְנֵי יְהוָה׃ וְאֶל־בְּנֵי יִשְׂרָאֵל
תְּדַבֵּר לֵאמֹר קְחוּ שְׂעִיר־עִזִּים לְחַטָּאת וְעֵגֶל וָכֶבֶשׂ בְּנֵי־
4 שָׁנָה תְּמִימִם לְעֹלָה׃ וְשׁוֹר וָאַיִל לִשְׁלָמִים לִזְבֹּחַ לִפְנֵי
יְהוָה וּמִנְחָה בְּלוּלָה בַשָּׁמֶן כִּי הַיּוֹם יְהוָה נִרְאָה
ה אֲלֵיכֶם׃ וַיִּקְחוּ אֵת אֲשֶׁר צִוָּה מֹשֶׁה אֶל־פְּנֵי אֹהֶל מוֹעֵד
6 וַיִּקְרְבוּ כָּל־הָעֵדָה וַיַּעַמְדוּ לִפְנֵי יְהוָה׃ וַיֹּאמֶר מֹשֶׁה
זֶה הַדָּבָר אֲשֶׁר־צִוָּה יְהוָה תַּעֲשׂוּ וְיֵרָא אֲלֵיכֶם כְּבוֹד
7 יְהוָה׃ וַיֹּאמֶר מֹשֶׁה אֶל־אַהֲרֹן קְרַב אֶל־הַמִּזְבֵּחַ וַעֲשֵׂה
אֶת־חַטָּאתְךָ וְאֶת־עֹלָתֶךָ וְכַפֵּר בַּעַדְךָ וּבְעַד הָעָם וַעֲשֵׂה
8 אֶת־קָרְבַּן הָעָם וְכַפֵּר בַּעֲדָם כַּאֲשֶׁר צִוָּה יְהוָה׃ וַיִּקְרַב
אַהֲרֹן אֶל־הַמִּזְבֵּחַ וַיִּשְׁחַט אֶת־עֵגֶל הַחַטָּאת אֲשֶׁר־לוֹ׃
9 וַיַּקְרִבוּ בְּנֵי אַהֲרֹן אֶת־הַדָּם אֵלָיו וַיִּטְבֹּל אֶצְבָּעוֹ בַּדָּם
וַיִּתֵּן עַל־קַרְנוֹת הַמִּזְבֵּחַ וְאֶת־הַדָּם יָצַק אֶל־יְסוֹד הַמִּזְבֵּחַ׃
י וְאֶת־הַחֵלֶב וְאֶת־הַכְּלָיֹת וְאֶת־הַיֹּתֶרֶת מִן־הַכָּבֵד מִן־

## שמיני

## קאפיטעל ט

1 אונד עס איז געוועזען אין דעם אכטען טאג, האט משה גערופען אהרן אונד זיינע זיהן אונד דיא עלצטע פון ישׂראל: 2 אונד ער האט געזאגט צו אהרן נעם פאר דיר א יונגעם קאלב פאר א זינד אפפער, אונד א ווידער פאר א בראנד אפפער, אהן פעהלער, אונד גענעהן עס פאר גאט: 3 אונד צו דיא קינדער ישׂראל זאלסט דוא רעדען צו זאגען, נעמט א ציגענבעקעל פאר א זינד אפפער אונד א קאלב אונד א לאם איין יאהר אלט, אהן פעהלער, פאר א בראנד אפפער: 4 אונד איין אקס, אונד איין ווידער פאר א פריד אפפער, מקריב צו זיין פאר גאט, אונד א שׁפייז אפפער געמישׁט מיט אייל, ווייל היינט וועט זיך גאט צו אייך בעוויזען: 5 אונד זייא האבען גענומען דאס וואס משה האט געבאטען פאר דעם געצעלט פון דער פערזאמלונג, אונד דיא גאנצע געמיינדע האבען זיך גענעהנט, אונד זייא האבען זיך געשׁטעלט פאר גאט: 6 אונד משה האט געזאגט, דאס איז דיא זאך וואס גאט האט געבאטען איהר זאלט טהון, אונד דיא הערליכקייט פון גאט וועט זיך צו אייך בעוויזען: 7 אונד משה האט געזאגט צו אהרן, גענעהן צו דעם מזבח אונד מאך דיין זינד אפפער אונד דיין בראנד אפפער, אונד זייא מכפר וועגען דיר אונד וועגען דעם פאלק, אונד מאך דאס אפפער פון דעם פאלק, אונד זייא מכפר וועגען זייא, אזוי וויא גאט האט געבאטען: 8 אונד אהרן האט זיך גענעהנט צו דעם מזבח, אונד ער האט געשׁאכטען דאס קאלב פון דעם זינד אפפער וואס איז פאר איהם געוועזען: 9 אונד דיא זיהן פון אהרן האבען גענעהנט דאס בלוט צו איהם, אונד ער האט איינגעטונקט זיין פינגער אין דעם בלוט, אונד ער האט עס געטהון אויף דיא הערנער פון דעם מזבח, אונד דאס בלוט האט ער אויסגעגאסען אן דעם גרונד פון דעם מזבח: 10 אונד דאס אינשליט, אונד דיא ניערען אונד דאס רויטפליישׁ פון דער לעבער פון

הַֽחַטָּאת הִקְטִיר הַמִּזְבֵּחָה כַּאֲשֶׁר צִוָּה יְהוָה אֶת־
11 מֹשֶׁה׃ וְאֶת־הַבָּשָׂר וְאֶת־הָעוֹר שָׂרַף בָּאֵשׁ מִחוּץ לַמַּחֲנֶה׃
12 וַיִּשְׁחַט אֶת־הָעֹלָה וַיַּמְצִאוּ בְּנֵי אַהֲרֹן אֵלָיו אֶת־הַדָּם
13 וַיִּזְרְקֵהוּ עַל־הַמִּזְבֵּחַ סָבִיב׃ וְאֶת־הָעֹלָה הִמְצִיאוּ אֵלָיו
14 לִנְתָחֶיהָ וְאֶת־הָרֹאשׁ וַיַּקְטֵר עַל־הַמִּזְבֵּחַ׃ וַיִּרְחַץ אֶת־
טו הַקֶּרֶב וְאֶת־הַכְּרָעָיִם וַיַּקְטֵר עַל־הָעֹלָה הַמִּזְבֵּחָה׃ וַיַּקְרֵב
אֵת קָרְבַּן הָעָם וַיִּקַּח אֶת־שְׂעִיר הַחַטָּאת אֲשֶׁר לָעָם
16 וַיִּשְׁחָטֵהוּ וַיְחַטְּאֵהוּ כָּרִאשׁוֹן׃ וַיַּקְרֵב אֶת־הָעֹלָה וַיַּעֲשֶׂהָ
17 כַּמִּשְׁפָּט׃ וַיַּקְרֵב אֶת־הַמִּנְחָה וַיְמַלֵּא כַפּוֹ מִמֶּנָּה וַיַּקְטֵר
18 עַל־הַמִּזְבֵּחַ מִלְּבַד עֹלַת הַבֹּקֶר׃ וַיִּשְׁחַט אֶת־הַשּׁוֹר וְאֶת־
הָאַיִל זֶבַח הַשְּׁלָמִים אֲשֶׁר לָעָם וַיַּמְצִאוּ בְּנֵי אַהֲרֹן אֶת־
19 הַדָּם אֵלָיו וַיִּזְרְקֵהוּ עַל־הַמִּזְבֵּחַ סָבִיב׃ וְאֶת־הַחֲלָבִים
מִן־הַשּׁוֹר וּמִן־הָאַיִל הָאַלְיָה וְהַמְכַסֶּה וְהַכְּלָיֹת וְיֹתֶרֶת
כ הַכָּבֵד׃ וַיָּשִׂימוּ אֶת־הַחֲלָבִים עַל־הֶחָזוֹת וַיַּקְטֵר הַחֲלָבִים
21 הַמִּזְבֵּחָה׃ וְאֵת הֶחָזוֹת וְאֵת שׁוֹק הַיָּמִין הֵנִיף אַהֲרֹן
22 תְּנוּפָה לִפְנֵי יְהוָה כַּאֲשֶׁר צִוָּה מֹשֶׁה׃ וַיִּשָּׂא אַהֲרֹן אֶת־
יָדָו אֶל־הָעָם וַיְבָרְכֵם וַיֵּרֶד מֵעֲשֹׂת הַחַטָּאת וְהָעֹלָה
23 וְהַשְּׁלָמִים׃ וַיָּבֹא מֹשֶׁה וְאַהֲרֹן אֶל־אֹהֶל מוֹעֵד וַיֵּצְאוּ וַיְבָרְכוּ
24 אֶת־הָעָם וַיֵּרָא כְבוֹד־יְהוָה אֶל־כָּל־הָעָם׃ וַתֵּצֵא אֵשׁ
מִלִּפְנֵי יְהוָה וַתֹּאכַל עַל־הַמִּזְבֵּחַ אֶת־הָעֹלָה וְאֶת־הַחֲלָבִים
וַיַּרְא כָּל־הָעָם וַיָּרֹנּוּ וַיִּפְּלוּ עַל־פְּנֵיהֶם׃

י

א וַיִּקְחוּ בְנֵי־אַהֲרֹן נָדָב וַאֲבִיהוּא אִישׁ מַחְתָּתוֹ וַיִּתְּנוּ בָהֵן
אֵשׁ וַיָּשִׂימוּ עָלֶיהָ קְטֹרֶת וַיַּקְרִיבוּ לִפְנֵי יְהוָה אֵשׁ זָרָה
2 אֲשֶׁר לֹא צִוָּה אֹתָם׃ וַתֵּצֵא אֵשׁ מִלִּפְנֵי יְהוָה וַתֹּאכַל
3 אוֹתָם וַיָּמֻתוּ לִפְנֵי יְהוָה׃ וַיֹּאמֶר מֹשֶׁה אֶל־אַהֲרֹן הוּא
אֲשֶׁר־דִּבֶּר יְהוָה ׀ לֵאמֹר בִּקְרֹבַי אֶקָּדֵשׁ וְעַל־פְּנֵי כָל־הָעָם

דעם זינד־אָפּפער האט ער געדעמפּט אויף דעם מזבח, אזוי וויא גאט האט געבאטען משה: 11 אונד דאס פלייש אונד דיא הויט האט ער פארברענט אים פייער אויסעווייניג פון דער מחנה: 12 אונד ער האט געשאכטען דאס בראנד־אָפּפער, אונד דיא זיהן פון אהרן האבען צו איהם געבראכט דאס בלוט, אונד ער האט עס געשפּרענגט אויף דעם מזבח רינגסארום: 13 אונד זייא האבען צו איהם געבראכט דאס בראנד־אָפּפער מיט זיינע שטיקער, אונד דעם קאפּ, אונד ער האט געדעמפּט אויף דעם מזבח: 14 אונד ער האט געוואשען דאס איינגעווייד אונד דיא שענקעל, אונד ער האט עס געדעמפּט אויף דעם בראנד־אָפּפער אויף דעם מזבח: 15 אונד ער האט מקריב געוועזען דאס קרבן פון דעם פאלק, אונד ער האט גענומען דאס בעקעל פון דעם זינד־אָפּ־פער וואס האט געהערט צו דעם פאלק, אונד ער האט עס געשאכטען, אונד ער האט עס גערייניגט, גלייך וויא דאס ערשטע: 16 אונד ער האט מקריב געווע־זען דאס בראנד אָפּפער, אונד ער האט עס געמאכט גלייך וויא דאס געריכט:

17 אונד ער האט מקריב געוועזען דאס שפּייז־אָפּפער, אונד ער האט דערפילט זיינע הענד דאפון, אונד ער האט עס געדעמפּט אויף דעם מזבח, חוץ דעם בראנד־אָפּפער פון דעם מארגען: 18 אונד ער האט געשאכטען דעם אָקס אונד דעם ווידער פון דיא פריד אָפּפער וואס האט געהערט צו דעם פאלק, אונד דיא זיהן פון אהרן האבען צו איהם געבראכט דאס בלוט, אונד ער האט עס געשפּרענגט אויף דעם מזבח רינגסארום: 19 אונד דאס אינשליט פון דעם אָקס אונד פון דעם ווידער, דאס ווידעל, אונד וואס בעדעקט עס, אונד דיא ניערען, אונד דאס רויטפלייש פון דער לעבער: 20 אונד זייא האבען געלייגט דאס אינשליט אויף דיא ברוסט, אונד ער האט געדעמפּט דאס אינשליט אויף דעם מזבח: 21 אונד דיא ברוסט, אונד דיא רעכטע שולטער האט אהרן אויפגעהויבען איינע אויפהייבונג פאר גאט, אזוי וויא משה האט געבאטען: 22 אונד אהרן האט אויפגעהויבען זיינע הענד צו דעם פאלק, אונד ער האט זייא געבענשט, אונד ער האט אראפּגענידערט פון צו מאכען דאס זינד אָפּפער אונד דאס בראנד אָפּפער אונד דיא פריד אָפּפער: 23 אונד משה אונד אהרן זענען געקומען פאר דעם געצעלט פון דער פערזאמלונג, אונד זייא זענען ארויסגעגאנגען אונד זייא האבען געבענשט דאס פאלק, אונד דיא הערליכקייט פון גאט האט זיך באוויזען צו דעם גאנצען פאלק: 24 אונד א פייער איז ארויסגעגאנגען פון גאט, אונד עס האט פארצעהרט אויף דעם מזבח דאס בראנד אָפּפער אונד דאס אינשליט, אונד ווען דאס גאנצע פאלק האט עס געזעהען האבען זייא געזונגען, אונד זייא זענען געפאלען אויף זייער פּנים:

קאפּיטעל י

1 אונד דיא זיהן פון אהרן, נדב אונד אביהוא, האבען גענומען יעדער זיינע פייער־פאן אונד זייא האבען פייער אריינגעלייגט, אונד זייא האבען רויך־ווערק דארויף געלייגט, אונד זייא האבען מקריב געוועזען פאר גאט פרעמדעס פייער, וואס ער האט זייא ניט געבאטען: 2 אונד א פייער איז ארויסגעגאנגען פון גאט אונד האט זייא פארברענט, אונד זייא זענען געשטארבען פאר גאט: 3 אונד משה האט געזאגט צו אהרן, דאס איז וואס גאט האט גערעט אזוי צו זאגען, איך וויל געהייליגט ווערען דורך דיא וואס גענעהנען זיך צו מיר, אונד פאר דעם גאנצען פאלק וויל איך

געהערט

אֶכָּבֵד וַיִּדֹּם אַהֲרֹן׃ וַיִּקְרָא מֹשֶׁה אֶל־מִישָׁאֵל וְאֶל אֶלְצָפָן 4
בְּנֵי עֻזִּיאֵל דֹּד אַהֲרֹן וַיֹּאמֶר אֲלֵהֶם קִרְבוּ שְׂאוּ אֶת־אֲחֵיכֶם
מֵאֵת פְּנֵי־הַקֹּדֶשׁ אֶל־מִחוּץ לַמַּחֲנֶה׃ וַיִּקְרְבוּ וַיִּשָּׂאֻם ה
בְּכֻתֳּנֹתָם אֶל־מִחוּץ לַמַּחֲנֶה כַּאֲשֶׁר דִּבֶּר מֹשֶׁה׃ וַיֹּאמֶר 6
מֹשֶׁה אֶל־אַהֲרֹן וּלְאֶלְעָזָר וּלְאִיתָמָר ׀ בָּנָיו רָאשֵׁיכֶם אַל־
תִּפְרָעוּ ׀ וּבִגְדֵיכֶם לֹא־תִפְרֹמוּ וְלֹא תָמֻתוּ וְעַל כָּל־הָעֵדָה
יִקְצֹף וַאֲחֵיכֶם כָּל־בֵּית יִשְׂרָאֵל יִבְכּוּ אֶת־הַשְּׂרֵפָה אֲשֶׁר
שָׂרַף יְהוָה׃ וּמִפֶּתַח אֹהֶל מוֹעֵד לֹא תֵצְאוּ פֶּן־תָּמֻתוּ כִּי־ 7
שֶׁמֶן מִשְׁחַת יְהוָה עֲלֵיכֶם וַיַּעֲשׂוּ כִּדְבַר מֹשֶׁה׃ פ
וַיְדַבֵּר יְהוָה אֶל־אַהֲרֹן לֵאמֹר׃ יַיִן וְשֵׁכָר אַל־תֵּשְׁתְּ ׀ 8 9
אַתָּה ׀ וּבָנֶיךָ אִתָּךְ בְּבֹאֲכֶם אֶל־אֹהֶל מוֹעֵד וְלֹא תָמֻתוּ
חֻקַּת עוֹלָם לְדֹרֹתֵיכֶם׃ וּלְהַבְדִּיל בֵּין הַקֹּדֶשׁ וּבֵין הַחֹל 10
וּבֵין הַטָּמֵא וּבֵין הַטָּהוֹר׃ וּלְהוֹרֹת אֶת־בְּנֵי יִשְׂרָאֵל אֵת 11
כָּל־הַחֻקִּים אֲשֶׁר דִּבֶּר יְהוָה אֲלֵיהֶם בְּיַד־מֹשֶׁה׃ פ
וַיְדַבֵּר מֹשֶׁה אֶל־אַהֲרֹן וְאֶל אֶלְעָזָר וְאֶל־אִיתָמָר ׀ בָּנָיו 12
הַנּוֹתָרִים קְחוּ אֶת־הַמִּנְחָה הַנּוֹתֶרֶת מֵאִשֵּׁי יְהוָה וְאִכְלוּהָ
מַצּוֹת אֵצֶל הַמִּזְבֵּחַ כִּי קֹדֶשׁ קָדָשִׁים הִוא׃ וַאֲכַלְתֶּם 13
אֹתָהּ בְּמָקוֹם קָדֹשׁ כִּי חָקְךָ וְחָק־בָּנֶיךָ הִוא מֵאִשֵּׁי יְהוָה
כִּי־כֵן צֻוֵּיתִי׃ וְאֵת חֲזֵה הַתְּנוּפָה וְאֵת ׀ שׁוֹק הַתְּרוּמָה 14
תֹּאכְלוּ בְּמָקוֹם טָהוֹר אַתָּה וּבָנֶיךָ וּבְנֹתֶיךָ אִתָּךְ כִּי־חָקְךָ
וְחָק־בָּנֶיךָ נִתְּנוּ מִזִּבְחֵי שַׁלְמֵי בְּנֵי יִשְׂרָאֵל׃ שׁוֹק הַתְּרוּמָה טו
וַחֲזֵה הַתְּנוּפָה עַל אִשֵּׁי הַחֲלָבִים יָבִיאוּ לְהָנִיף תְּנוּפָה
לִפְנֵי יְהוָה וְהָיָה לְךָ וּלְבָנֶיךָ אִתְּךָ לְחָק־עוֹלָם כַּאֲשֶׁר
צִוָּה יְהוָה׃ וְאֵת ׀ שְׂעִיר הַחַטָּאת דָּרֹשׁ דָּרַשׁ מֹשֶׁה וְהִנֵּה 16
שֹׂרָף וַיִּקְצֹף עַל־אֶלְעָזָר וְעַל־אִיתָמָר בְּנֵי אַהֲרֹן הַנּוֹתָרִם
לֵאמֹר׃ מַדּוּעַ לֹא־אֲכַלְתֶּם אֶת־הַחַטָּאת בִּמְקוֹם הַקֹּדֶשׁ 17
כִּי קֹדֶשׁ קָדָשִׁים הִוא וְאֹתָהּ ׀ נָתַן לָכֶם לָשֵׂאת אֶת־עֲוֹן

גֶעעֶהְרְט וֶוערֶען, אוּנְד אַהֲרֹן הָאט שְׁטִיל
גֶעשְׁווִיגֶען: 4 אוּנְד מֹשֶׁה הָאט גֶערוּפֶען
מִישָׁאֵל אוּנְד אֶלְצָפָן, דִיא זִיהְן פוּן עֻזִּיאֵל,
אַהֲרֹן׳ס פֶעטֶער, אוּנְד עֶר הָאט צוּ זֵייא
גֶעזָאגְט, גֶענֶעהְנְט אֵייךְ, אוּנְד טְרָאגְט
אַוֶועק אֵיירֶע בְּרִידֶער, פוּן פָאר דִיא
הֵיילִיגְקֵייט אוֹיסֶעווֵייניג צוּ דֶער מַחֲנֶה:
5 אוּנְד זֵייא הָאבֶען זִיךְ גֶענֶעהְנְט, אוּנְד
זֵייא הָאבֶען זֵייא אַוֶועקגֶעטְרָאגֶען אִין
זֵיירֶע הֶעמְדֶער, אוֹיסֶעווֵייניג צוּ דֶער מַחֲנֶה,
אַזוֹי ווִיא מֹשֶׁה הָאט גֶערֶעט: 6 אוּנְד
מֹשֶׁה הָאט גֶעזָאגְט צוּ אַהֲרֹן, אוּנְד צוּ
אֶלְעָזָר אוּנְד אִיתָמָר זֵיינֶע זִיהְן, דֶעקְט נִיט
אוֹיף אֵיירֶע קֶעפּ, אוּנְד אֵיירֶע קְלֵיידֶער
זָאלְט אִיהְר נִיט רֵייסֶען, כְּדֵי אִיהְר זָאלְט
נִיט שְׁטַארְבֶּען, אוּנְד עֶר וֶועט צָארְנֶען
אִיבֶּער דִיא גַאנְצֶע גֶעמֵיינְדֶע, אָבֶּער
אֵיירֶע בְּרִידֶער, דָאס גַאנְצֶע הוֹיז יִשְׂרָאֵל
זָאלֶען בַּאוֵויינֶען דִיא פַארבְּרֶענוּנְג וָואס
גָאט הָאט פַארבְּרֶענְט: 7 אוּנְד פוּן דִיא
טִיר פוּן דֶעם גֶעצֶעלְט פוּן דִיא פֶערְזַאמְ־
לוּנְג זָאלְט אִיהְר נִיט אַרוֹיסְגֵיין, כְּדֵי אִיהְר
זָאלְט נִיט שְׁטַארְבֶּען, ווֵייל דָאס אֵייל פוּן
דִיא זַאלְבּוּנְג פוּן גָאט אִיז אוֹיף אֵייךְ,
אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעטְהוּן גְלֵייךְ אַזוֹי
ווִיא דָאס וָוארְט פוּן מֹשֶׁה:
8 אוּנְד גָאט הָאט גֶערֶעט צוּ אַהֲרֹן אַזוֹי צוּ זָאגֶען: 9 ווֵיין אוּנְד שַׁארְפֶע גֶעטְרֶענְק
זָאלְסְט דוּא נִיט טְרִינְקֶען, דוּא אוּנְד דֵיינֶע זִיהְן מִיט דִיר, ווֶען אִיהְר קוּמְט צוּ דֶעם גֶע־
צֶעלְט פוּן דֶער פֶערְזַאמְלוּנְג, אַז אִיהְר זָאלְט נִיט שְׁטַארְבֶּען, עֶס זָאל זֵיין אֵיין אֵייבִּיגֶעס
גֶעזֶעץ פַאר אֵיירֶע גֶעשְׁלֶעכְטֶער: 10 כְּדֵי צוּ אוּנְטֶערְשֵׁיידֶען צְווִישֶׁען דֶעם הֵיילִיגֶען
אוּנְד צְווִישֶׁען דֶעם אוּמְהֵיילִיגֶען, אוּנְד צְווִישֶׁען דֶעם אוּמְרֵיינֶען אוּנְד צְווִישֶׁען דֶעם
רֵיינֶען: 11 אוּנְד דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל צוּ לֶערְנֶען אַלֶע גֶעזֶעץ וָואס גָאט הָאט גֶערֶעט צוּ
זֵייא דוּרְךְ מֹשֶׁה: 12 אוּנְד מֹשֶׁה הָאט גֶערֶעט צוּ אַהֲרֹן, אוּנְד צוּ אֶלְעָזָר, אוּנְד צוּ
אִיתָמָר, זֵיינֶע זִיהְן, וָואס זֶענֶען אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּען, נֶעמְט דָאס שְׁפֵּייז אָפְּפֶער וָואס אִיז
אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּען פוּן דִיא פֵייעֶר אָפְּפֶער פוּן גָאט, אוּנְד עֶסְט עֶס מִיט מַצּוֹת נֶעבֶּען
דֶעם מִזְבֵּחַ, ווָארִין דָאס אִיז גַאנְץ הֵיילִיג: 13 אוּנְד אִיהְר זָאלְט עֶס עֶסֶען אִין דֶעם
הֵיילִיגֶען אָרְט, ווָארִין דָאס אִיז דֵיין בֶּעשְׁטִימְטֶער טֵייל, אוּנְד דֶער בֶּעשְׁטִימְטֶער טֵייל
פַאר דֵיינֶע זִיהְן, פוּן דִיא פֵייעֶר אָפְּפֶער פוּן גָאט, ווָארִין אַזוֹי בִּין אִיךְ גֶעבָּאטֶען
גֶעוָוארֶען: 14 אוּנְד דִיא בְּרוּסְט פוּן דִיא אוֹיפְהֵייבּוּנְג, אוּנְד דִיא שׁוּלְטֶער פוּן דִיא
אָפְּשֵׁיידוּנְג זָאלְט אִיהְר עֶסֶען אִין אַ רֵיינֶעם אָרְט, דוּא אוּנְד דֵיינֶע זִיהְן אוּנְד דֵיינֶע
טֶעכְטֶער מִיט דִיר, ווָארִין דָאס אִיז דֵיין בֶּעשְׁטִימְטֶער טֵייל, אוּנְד דֶער בֶּעשְׁטִימְטֶער
טֵייל פַאר דֵיינֶע זִיהְן, וָואס זֶענֶען גֶעגֶעבֶּען גֶעוָוארֶען פוּן דִיא פְרִיד אָפְּפֶער פוּן דִיא
קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל: 15 דִיא שׁוּלְטֶער פוּן דִיא אָפְּשֵׁיידוּנְג אוּנְד דִיא בְּרוּסְט פוּן דִיא
אוֹיפְהֵייבּוּנְג מִיט דֶעם פֵייעֶר אָפְּפֶער פוּן דֶעם אִינְשְׁלִיט, זָאלֶען זֵייא בְּרֶענְגֶען אוֹיפְצוּ־
הֵייבֶּען אֵיינֶע אוֹיפְהֵייבּוּנְג פַאר גָאט, אוּנְד עֶס זָאל זֵיין פַאר דִיר אוּנְד פַאר דֵיינֶע זִיהְן
מִיט דִיר צוּ אֵיין אֵייבִּיגֶעס גֶעזֶעץ, אַזוֹי ווִיא גָאט הָאט גֶעבָּאטֶען: 16 אוּנְד מֹשֶׁה הָאט
זִיךְ נָאכְגֶעפְרֶעגְט וֶועגֶען דֶעם בֶּעקֶעל פוּן דֶעם זִינְד אָפְּפֶער, אוּנְד זֶעה, עֶס אִיז פַארְ־
בְּרֶענְט גֶעוָוארֶען, אוּנְד עֶר הָאט גֶעצָארְנְט אִיבֶּער אֶלְעָזָר אוּנְד אִיבֶּער אִיתָמָר, דִיא
אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּענֶע זִיהְן פוּן אַהֲרֹן, אַזוֹי צוּ זָאגֶען: 17 פַארְוָואס הָאט אִיהְר נִיט
גֶעגֶעסֶען דָאס זִינְד אָפְּפֶער אִין דֶעם הֵיילִיגֶען אָרְט? ווָארִין דָאס אִיז גַאנְץ
הֵיילִיג, אוּנְד דָאס הָאט עֶר גֶעגֶעבֶּען צוּ אֵייךְ כְּדֵי צוּ טְרָאגֶען דִיא זִינְד
פוּן

18 הָֽעֵדָה לְכַפֵּר עֲלֵיהֶם לִפְנֵי יְהֹוָה׃ הֵן לֹא־הוּבָא אֶת־
דָּמָהּ אֶל־הַקֹּדֶשׁ פְּנִימָה אָכוֹל תֹּאכְלוּ אֹתָהּ בַּקֹּדֶשׁ כַּאֲשֶׁר
19 צִוֵּיתִי׃ וַיְדַבֵּר אַהֲרֹן אֶל־מֹשֶׁה הֵן הַיּוֹם הִקְרִיבוּ אֶת־
חַטָּאתָם וְאֶת־עֹלָתָם לִפְנֵי יְהֹוָה וַתִּקְרֶאנָה אֹתִי כָּאֵלֶּה
כ וְאָכַלְתִּי חַטָּאת הַיּוֹם הַיִיטַב בְּעֵינֵי יְהֹוָה׃ וַיִּשְׁמַע מֹשֶׁה
וַיִּיטַב בְּעֵינָיו׃ פ

יא יא

א 2 וַיְדַבֵּר יְהֹוָה אֶל־מֹשֶׁה וְאֶל־אַהֲרֹן לֵאמֹר אֲלֵהֶם׃ דַּבְּרוּ
אֶל־בְּנֵי יִשְׂרָאֵל לֵאמֹר זֹאת הַחַיָּה אֲשֶׁר תֹּאכְלוּ מִכָּל־
3 הַבְּהֵמָה אֲשֶׁר עַל־הָאָרֶץ׃ כֹּל ׀ מַפְרֶסֶת פַּרְסָה וְשֹׁסַעַת
4 שֶׁסַע פְּרָסֹת מַעֲלַת גֵּרָה בַּבְּהֵמָה אֹתָהּ תֹּאכֵלוּ׃ אַךְ אֶת־
זֶה לֹא תֹאכְלוּ מִמַּעֲלֵי הַגֵּרָה וּמִמַּפְרִסֵי הַפַּרְסָה אֶת־
הַגָּמָל כִּי־מַעֲלֵה גֵרָה הוּא וּפַרְסָה אֵינֶנּוּ מַפְרִיס טָמֵא הוּא
ה לָכֶם׃ וְאֶת־הַשָּׁפָן כִּי־מַעֲלֵה גֵרָה הוּא וּפַרְסָה לֹא יַפְרִיס
6 טָמֵא הוּא לָכֶם׃ וְאֶת־הָאַרְנֶבֶת כִּי־מַעֲלַת גֵּרָה הִוא
7 וּפַרְסָה לֹא הִפְרִיסָה טְמֵאָה הִוא לָכֶם׃ וְאֶת־הַחֲזִיר כִּי־
מַפְרִיס פַּרְסָה הוּא וְשֹׁסַע שֶׁסַע פַּרְסָה וְהוּא גֵּרָה לֹא־
8 יִגָּר טָמֵא הוּא לָכֶם׃ מִבְּשָׂרָם לֹא תֹאכֵלוּ וּבְנִבְלָתָם לֹא
9 תִגָּעוּ טְמֵאִים הֵם לָכֶם׃ אֶת־זֶה תֹּאכְלוּ מִכֹּל אֲשֶׁר בַּמָּיִם
כֹּל אֲשֶׁר־לוֹ סְנַפִּיר וְקַשְׂקֶשֶׂת בַּמַּיִם בַּיַּמִּים וּבַנְּחָלִים
י אֹתָם תֹּאכֵלוּ׃ וְכֹל אֲשֶׁר אֵין־לוֹ סְנַפִּיר וְקַשְׂקֶשֶׂת בַּיַּמִּים
וּבַנְּחָלִים מִכֹּל שֶׁרֶץ הַמַּיִם וּמִכֹּל נֶפֶשׁ הַחַיָּה אֲשֶׁר בַּמָּיִם
11 שֶׁקֶץ הֵם לָכֶם׃ וְשֶׁקֶץ יִהְיוּ לָכֶם מִבְּשָׂרָם לֹא תֹאכֵלוּ
12 וְאֶת־נִבְלָתָם תְּשַׁקֵּצוּ׃ כֹּל אֲשֶׁר אֵין־לוֹ סְנַפִּיר וְקַשְׂקֶשֶׂת
13 בַּמָּיִם שֶׁקֶץ הוּא לָכֶם׃ וְאֶת־אֵלֶּה תְּשַׁקְּצוּ מִן־הָעוֹף לֹא
יֵאָכְלוּ שֶׁקֶץ הֵם אֶת־הַנֶּשֶׁר וְאֶת־הַפֶּרֶס וְאֵת הָעָזְנִיָּה׃
14 טו וְאֶת־הַדָּאָה וְאֶת־הָאַיָּה לְמִינָהּ׃ אֵת כָּל־עֹרֵב לְמִינוֹ׃
16 וְאֵת בַּת הַיַּעֲנָה וְאֶת־הַתַּחְמָס וְאֶת־הַשָּׁחַף וְאֶת־הַנֵּץ

פון דיא געמיינדע, פאר זייא מכפר צו זיין פאר גאט: 18 זעה, זיין בלוט איז ניט אריינגעבראכט געווארען צו דער היילינקייט אינוויינינ, איהר האט עס געווים געזאלט עסען אין דיא היילינקייט, גלייך וויא איך האב געבאטען: 19 אונד אהרן האט גערעט צו משה, זעה, היינט האבען זייא מקריב געוועזען זייערע זינד אפפער אונד זייערע בראנד אפפער פאר גאט, אונד גלייך וויא דיזע זאכען האבען מיר בעגעגענט, אונד ווען איך וואלט היינט געגעסען דאס זינד אפפער, וואלט עס גוט געוועזען אין דיא אויגען פון גאט? 20 אונד ווען משה האט עס געהערט, איז עס גוט געוועזען אין זיינע אויגען:

## קאפיטעל יא

1 אונד גאט האט גערעט צו משה אונד צו אהרן אונד האט צו זייא געזאגט: 2 רעט צו דיא קינדער ישראל אזוי צו זאגען, דיזע זענען דיא חיות וואס איהר מעגט עסען, פון אלע בהמות וואס זענען אויף דער ערד: 3 איטליכעס וואס איז געשפאלטען אין דיא קלויען, אונד וואס האט דיא שפאלטונג אין דיא קלויען וואס ווידערקייען אונטער דיא בהמות, דאס מעגט איהר עסען: 4 נאר דיזע זאלט איהר ניט עסען פון דיא וואס ווידער־קייען אונד פון דיא וואס זענען געשפאלטען אין דיא קלויען, דאס קעמעל, ווארין עס ווידערקייעט אבער אין דיא קלויען איז עס ניט געשפאלטען, עס זאל אומריין זיין צו אייך: 5 אונד דאס קאנינכען, ווארין עס ווידערקייעט, אבער אין דיא קלויען איז עס ניט געשפאלטען, עס זאל אומריין זיין צו אייך: 6 אונד דער האז, ווארין ער ווידערקייעט אבער אין דיא קלויען איז ער ניט געשפאלטען, ער זאל אומריין זיין צו אייך: 7 אונד דאס חזיר, ווארין עס איז געשפאלטען אין דיא קלויען, אונד האט דיא שפאלטונג אין דיא קלויען, אבער עס ווידערקייעט ניט, עס זאל אומריין זיין צו אייך: 8 פון זייער פלייש זאלט איהר ניט עסען, אונד אן זייערע נבלות זאלט איהר ניט אנריהרען, זייא זאלען אומריין זיין צו אייך: 9 דיזע מעגט איהר עסען פון אלעם וואס איז אין דיא וואסער, אלעם וואס האט פלוס־פעדערען אונד שופפען אין דיא וואסער, אין דיא ימים, אונד אין דיא טייכען, זייא מעגט איהר עסען: 10 אונד אלעם וואס האט קיינע פלוס־פעדערען אונד שופפען, אין דיא ימים אונד אין דיא טייכען, פון איטליכע ווידמענונג פון דיא וואסער, אונד פון אלערלייא לעבעדיגע נפשות, וואס איז אין דיא וואסער, זייא זאלען זיין איינע אומווירדיגקייט צו אייך: 11 אונד זייא זאלען זיין איינע אומווירדיגקייט צו אייך, פון זייער פלייש זאלט איהר ניט עסען, אונד זייערע נבלות זאלט איהר פעראומווירדיגען: 12 אלעם וואס האט קיינע פלוס־פעדערען אונד קיינע שופפען אין דיא וואסער, דאס זאל זיין אומווירדיג צו אייך: 13 אונד דיזע זאלט איהר פעראומווירדיגען פון דיא פייגעל, זייא טארען ניט געגעסען ווערען, זייא זענען איינע אומווירדיגקייט, דער אדלער, אונד דער ביינברעכער, אונד דעם שווארצען אדלער: 14 אונד דעם ווייסען האביכט, אונד דעם גייער צו איהר מין: 15 אלערלייא ראבען צו זיין מין: 16 אונד דיא יונגע שטרוים, אונד דיא נאכטיגאל אונד דיא אמסעל, אונד דעם קוקוק,

17 18 לְמִינֵהוּ׃ וְאֶת־הַכּוֹס וְאֶת־הַשָּׁלָךְ וְאֶת־הַיַּנְשׁוּף׃ וְאֶת־
19 הַתִּנְשֶׁמֶת וְאֶת־הַקָּאָת וְאֶת־הָרָחָם׃ וְאֵת הַחֲסִידָה הָאֲנָפָה
כ לְמִינָהּ וְאֶת־הַדּוּכִיפַת וְאֶת־הָעֲטַלֵּף׃ כֹּל שֶׁרֶץ הָעוֹף
21 הַהֹלֵךְ עַל־אַרְבַּע שֶׁקֶץ הוּא לָכֶם׃ אַךְ אֶת־זֶה תֹּאכְלוּ
מִכֹּל שֶׁרֶץ הָעוֹף הַהֹלֵךְ עַל־אַרְבַּע אֲשֶׁר־לֹא כְרָעַיִם
22 מִמַּעַל לְרַגְלָיו לְנַתֵּר בָּהֵן עַל־הָאָרֶץ׃ אֶת־אֵלֶּה מֵהֶם
תֹּאכֵלוּ אֶת־הָאַרְבֶּה לְמִינוֹ וְאֶת־הַסָּלְעָם לְמִינֵהוּ וְאֶת־
23 הַחַרְגֹּל לְמִינֵהוּ וְאֶת־הֶחָגָב לְמִינֵהוּ׃ וְכֹל שֶׁרֶץ הָעוֹף
24 אֲשֶׁר־לוֹ אַרְבַּע רַגְלָיִם שֶׁקֶץ הוּא לָכֶם׃ וּלְאֵלֶּה תִּטַּמָּאוּ
כה כָּל־הַנֹּגֵעַ בְּנִבְלָתָם יִטְמָא עַד־הָעָרֶב׃ וְכָל־הַנֹּשֵׂא מִנִּבְלָתָם
26 יְכַבֵּס בְּגָדָיו וְטָמֵא עַד־הָעָרֶב׃ לְכָל־הַבְּהֵמָה אֲשֶׁר הִוא
מַפְרֶסֶת פַּרְסָה וְשֶׁסַע ׀ אֵינֶנָּה שֹׁסַעַת וְגֵרָה אֵינֶנָּה מַעֲלָה
27 טְמֵאִים הֵם לָכֶם כָּל־הַנֹּגֵעַ בָּהֶם יִטְמָא׃ וְכֹל ׀ הוֹלֵךְ עַל־
כַּפָּיו בְּכָל־הַחַיָּה הַהֹלֶכֶת עַל־אַרְבַּע טְמֵאִים הֵם לָכֶם
28 כָּל־הַנֹּגֵעַ בְּנִבְלָתָם יִטְמָא עַד־הָעָרֶב׃ וְהַנֹּשֵׂא אֶת־נִבְלָתָם
יְכַבֵּס בְּגָדָיו וְטָמֵא עַד־הָעָרֶב טְמֵאִים הֵמָּה לָכֶם׃ ס
29 וְזֶה לָכֶם הַטָּמֵא בַּשֶּׁרֶץ הַשֹּׁרֵץ עַל־הָאָרֶץ הַחֹלֶד וְהָעַכְבָּר
ל וְהַצָּב לְמִינֵהוּ׃ וְהָאֲנָקָה וְהַכֹּחַ וְהַלְּטָאָה וְהַחֹמֶט וְהַתִּנְשָׁמֶת׃
31 אֵלֶּה הַטְּמֵאִים לָכֶם בְּכָל־הַשָּׁרֶץ כָּל־הַנֹּגֵעַ בָּהֶם בְּמֹתָם
32 יִטְמָא עַד־הָעָרֶב׃ וְכֹל אֲשֶׁר־יִפֹּל עָלָיו מֵהֶם ׀ בְּמֹתָם
יִטְמָא מִכָּל־כְּלִי־עֵץ אוֹ בֶגֶד אוֹ־עוֹר אוֹ שָׂק כָּל־כְּלִי
אֲשֶׁר־יֵעָשֶׂה מְלָאכָה בָּהֶם בַּמַּיִם יוּבָא וְטָמֵא עַד־הָעֶרֶב
33 וְטָהֵר׃ וְכָל־כְּלִי־חֶרֶשׂ אֲשֶׁר־יִפֹּל מֵהֶם אֶל־תּוֹכוֹ כֹּל
34 אֲשֶׁר בְּתוֹכוֹ יִטְמָא וְאֹתוֹ תִשְׁבֹּרוּ׃ מִכָּל־הָאֹכֶל אֲשֶׁר
יֵאָכֵל אֲשֶׁר יָבוֹא עָלָיו מַיִם יִטְמָא וְכָל־מַשְׁקֶה אֲשֶׁר יִשָּׁתֶה
לה בְּכָל־כְּלִי יִטְמָא׃ וְכֹל אֲשֶׁר־יִפֹּל מִנִּבְלָתָם ׀ עָלָיו יִטְמָא
36 תַּנּוּר וְכִירַיִם יֻתָּץ טְמֵאִים הֵם וּטְמֵאִים יִהְיוּ לָכֶם׃ אַךְ

נָאךְ זַיין מִין׃ 17 דִיא קְלֵיינֶע אֵייל, אוּנְד
דֶעם שְׁטוּרְק־פֶּעלִיקַאן (הַאבִּיכְט) אוּנְד
דֶעם טוֹיבֶּענ־גֵייעֶר׃ 18 דֶעם שְׁוַואן,
אוּנְד דִיא הַאבִּיכְט, אוּנְד דֶעם אַאַז־גֵייעֶר׃
19 אוּנְד דֶעם שְׁטָארְךְ, דֶעם וִוידֶערְהָאפּ
צוּ זַיין מִין, דֶעם אוֹיעֶר־הָאעֶן אוּנְד דִיא
שְׁוַואלְבּ׃ 20 אִיטְלִיכֶע וִוידְמֶענוּנְג פוּן
דִיא פֵייגֶעל וָואס גֵייעֶן אוֹיף פִיעֶר, דָאס
זָאל זַיין אֵיינֶע אוּמְווירְדִיגְקֵייט צוּ אֵייךְ׃
21 נָאר דִיזֶע מֶעגְט אִיהְר עֶסֶען פוּן
אִיטְלִיכֶע וִוידְמֶענוּנְג פוּן דִיא פֵייגֶעל וָואס
גֵייעֶן אוֹיף פִיעֶר, דָאס וָואס הָאט שֶׁענְקֶעל
אֵיבֶּער זֵיינֶע פִים צוּ הִיפֶּען מִיט זֵייא
אוֹיף דִיא עֶרְד׃ 22 דִיזֶע פוּן זֵייא מֶעגְט
אִיהְר עֶסֶען, דֶעם הֵיישְׁרֶעק צוּ זַיין מִין,
אוּנְד דֶעם סָלְעָם צוּ זַיין מִין, אוּנְד חַרְגוֹל
צוּ זַיין מִין, אוּנְד דֶעם חָגָב צוּ זַיין מִין׃
23 אוּנְד אַלֶע וִוידְמֶענוּנְג פוּן פֵייגֶעל
וָואס הָאט פִיעֶר פִים, דָאס זָאל זַיין אֵיינֶע
אוּמְווירְדִיגְקֵייט צוּ אֵייךְ׃ 24 אוּנְד וֶועגֶען
דִיזֶע וֶועט אִיהְר אֵייךְ פֶערְאוּמְרֵיינִיגֶען,
אִיטְלִיכֶער וָואס רִיהְרְט אָן זֵייעֶרֶע נְבֵלוֹת זָאל אוּמְרֵיין זַיין בִּיז אָבֶענְד׃ 25 אוּנְד
אִיטְלִיכֶער וָואס טְרָאגְט פוּן זֵייעֶרֶע נְבֵלוֹת זָאל וַואשֶׁען זֵיינֶע קְלֵיידֶער, אוּנְד זָאל
אוּמְרֵיין זַיין בִּיז אָבֶענְד׃ 26 אַלֶערְלֵייא בְּהֵמוֹת וָואס אִיז גֶעשְׁפָּאלְטֶען אִין דִיא
קְלוֹיעֶן, אָבֶּער הָאט נִיט דִיא שְׁפַּאלְטוּנְג, אוּנְד וִוידֶערְקֵייעֶט נִיט, זֵייא זָאלֶען זַיין
אוּמְרֵיין צוּ אֵייךְ אִיטְלִיכֶער וָואס רִיהְרְט זֵייא אָן זָאל אוּמְרֵיין זַיין׃ 27 אוּנְד אִיטְלִיכֶעס
וָואס גֵייט אוֹיף זַיין בַּאלֶען אוּנְטֶער אַלֶע חַיוֹת וָואס גֵייעֶן אוֹיף פִיעֶר, זֵייא זָאלֶען
אוּמְרֵיין זַיין צוּ אֵייךְ, אִיטְלִיכֶער וָואס רִיהְרְט אָן זֵייעֶרֶע נְבֵלוֹת זָאל אוּמְרֵיין זַיין בִּיז
אָבֶענְד׃ 28 אוּנְד דֶער וָואס טְרָאגְט זֵייעֶרֶע נְבֵלוֹת זָאל וַואשֶׁען זֵיינֶע קְלֵיידֶער אוּנְד
זָאל אוּמְרֵיין זַיין בִּיז אָבֶענְד, זֵייא זָאלֶען צוּ אֵייךְ אוּמְרֵיין זַיין׃ 29 אוּנְד דִיזֶע זָאלֶען
זַיין צוּ אֵייךְ אוּמְרֵיין אוּנְטֶער דִיא וִוידְמֶענוּנְג וָואס וִוידְמֶעט זִיךְ אוֹיף דֶער עֶרְד, דָאס
וִוידֶעל, אוּנְד דִיא מוֹיז, אוּנְד דֶער שִׁילְט־קְרֶעט צוּ זַיין מִין׃ 30 אוּנְד דֶער אִיגֶעל,
אוּנְד דָאס אֵייכֶענְהָארְן, אוּנְד דֶער אִילְטֶעס, אוּנְד דִיא שְׁנֶעק אוּנְד דֶער מֶעלְט־וְוארְף׃
31 דִיזֶע זֶענֶען דִיא אוּמְרֵיינֶע צוּ אֵייךְ, אוּנְטֶער אַלֶע וִוידְמוּנְג, אִיטְלִיכֶער וָואס רִיהְרְט
זֵייא אָן, וֶוען זֵייא זֶענֶען טוֹיט, זָאל אוּמְרֵיין זַיין בִּיז אָבֶענְד׃ 32 אוּנְד אַלֶעס אוֹיף
וָואס אֵיינְס פוּן זֵייא פַאלְט, וֶוען זֵייא זֶענֶען טוֹיט, זָאל אוּמְרֵיין זַיין, פוּן אַלֶע כֵּלִים
פוּן הָאלְץ, אָדֶער קְלֵייד, אָדֶער הוֹיט, אָדֶער זַאק, אַלֶערְלֵייא כֵּלִים וָואס מֶען אַרְבֵּייט
מִיט זֵייא, עֶס זָאל אִים וַואסֶער גֶעלֵייגְט וֶוערֶען אוּנְד זָאל אוּמְרֵיין זַיין בִּיז אָבֶענְד,
אוּנְד עֶס וֶועט רֵיין זַיין׃ 33 אַלֶערְלֵייא אִירְדִישֶׁע כֵּלִים אִין וָואס אֵיינְס פוּן זֵייא פַאלְט
אַרֵיין, אַלֶעס וָואס אִיז דַארִין זָאל אוּמְרֵיין זַיין, אוּנְד אִיהְר זָאלְט עֶס צֶערְבְּרֶעכֶען׃
34 פוּן אַלֶערְלֵייא שְׁפֵּייז וָואס וֶוערְט גֶעגֶעסֶען, וָואס וַואסֶער קוּמְט דַארוֹיף זָאל
אוּמְרֵיין זַיין, אוּנְד אַלֶערְלֵייא גֶעטְרֶענְק וָואס וֶוערְט גֶעטְרוּנְקֶען אִין אַלֶערְלֵייא
כֵּלִים, זָאל אוּמְרֵיין זַיין׃ 35 אוּנְד אַלֶעס וָואס אֵיינְס פוּן זֵייעֶרֶע נְבֵלוֹת וֶועט
דַארוֹיף פַאלֶען זָאל אוּמְרֵיין זַיין. אֵיין אוֹיפֶען, אוּנְד אַ קוֹימֶען, עֶס זָאל צֶער־
וָוארְפֶען וֶוערֶען, זֵייא זֶענֶען אוּמְרֵיין, אוּנְד זֵייא זָאלֶען אוּמְרֵיין זַיין צוּ אֵייךְ׃ 36 נֵייעֶרְט
דִיא

מַעְיָן וּבוֹר מִקְוֵה־מַיִם יִהְיֶה טָהוֹר וְנֹגֵעַ בְּנִבְלָתָם יִטְמָא׃
37 וְכִי יִפֹּל מִנִּבְלָתָם עַל־כָּל־זֶרַע זֵרוּעַ אֲשֶׁר יִזָּרֵעַ טָהוֹר
38 הוּא׃ וְכִי יֻתַּן־מַיִם עַל־זֶרַע וְנָפַל מִנִּבְלָתָם עָלָיו טָמֵא
39 הוּא לָכֶם׃ ס וְכִי יָמוּת מִן־הַבְּהֵמָה אֲשֶׁר־הִיא לָכֶם
מ לְאָכְלָה הַנֹּגֵעַ בְּנִבְלָתָהּ יִטְמָא עַד־הָעָרֶב׃ וְהָאֹכֵל מִנִּבְלָתָהּ
יְכַבֵּס בְּגָדָיו וְטָמֵא עַד־הָעָרֶב וְהַנֹּשֵׂא אֶת־נִבְלָתָהּ יְכַבֵּס
41 בְּגָדָיו וְטָמֵא עַד־הָעָרֶב׃ וְכָל־הַשֶּׁרֶץ הַשֹּׁרֵץ עַל־הָאָרֶץ
42 שֶׁקֶץ הוּא לֹא יֵאָכֵל׃ כֹּל הוֹלֵךְ עַל־גָּחוֹן וְכֹל ׀ הוֹלֵךְ
עַל־אַרְבַּע עַד כָּל־מַרְבֵּה רַגְלַיִם לְכָל־הַשֶּׁרֶץ הַשֹּׁרֵץ עַל־
43 הָאָרֶץ לֹא תֹאכְלוּם כִּי־שֶׁקֶץ הֵם׃ אַל־תְּשַׁקְּצוּ אֶת־
נַפְשֹׁתֵיכֶם בְּכָל־הַשֶּׁרֶץ הַשֹּׁרֵץ וְלֹא תִטַּמְּאוּ בָּהֶם וְנִטְמֵתֶם
44 בָּם׃ כִּי אֲנִי יְהוָה אֱלֹהֵיכֶם וְהִתְקַדִּשְׁתֶּם וִהְיִיתֶם קְדֹשִׁים
כִּי קָדוֹשׁ אָנִי וְלֹא תְטַמְּאוּ אֶת־נַפְשֹׁתֵיכֶם בְּכָל־הַשֶּׁרֶץ
מה הָרֹמֵשׂ עַל־הָאָרֶץ׃ כִּי ׀ אֲנִי יְהוָה הַמַּעֲלֶה אֶתְכֶם מֵאֶרֶץ
מִצְרַיִם לִהְיֹת לָכֶם לֵאלֹהִים וִהְיִיתֶם קְדֹשִׁים כִּי קָדוֹשׁ
46 אָנִי׃ זֹאת תּוֹרַת הַבְּהֵמָה וְהָעוֹף וְכֹל נֶפֶשׁ הַחַיָּה הָרֹמֶשֶׂת
47 בַּמָּיִם וּלְכָל־נֶפֶשׁ הַשֹּׁרֶצֶת עַל־הָאָרֶץ׃ לְהַבְדִּיל בֵּין
הַטָּמֵא וּבֵין הַטָּהֹר וּבֵין הַחַיָּה הַנֶּאֱכֶלֶת וּבֵין הַחַיָּה אֲשֶׁר
לֹא תֵאָכֵל׃

יב

יב פ פ ׳ פ כו

2 א וַיְדַבֵּר יְהוָה אֶל־מֹשֶׁה לֵּאמֹר׃ דַּבֵּר אֶל־בְּנֵי יִשְׂרָאֵל
לֵאמֹר אִשָּׁה כִּי תַזְרִיעַ וְיָלְדָה זָכָר וְטָמְאָה שִׁבְעַת יָמִים
3 כִּימֵי נִדַּת דְּוֹתָהּ תִּטְמָא׃ וּבַיּוֹם הַשְּׁמִינִי יִמּוֹל בְּשַׂר
4 עָרְלָתוֹ׃ וּשְׁלֹשִׁים יוֹם וּשְׁלֹשֶׁת יָמִים תֵּשֵׁב בִּדְמֵי טָהֳרָה
בְּכָל־קֹדֶשׁ לֹא־תִגָּע וְאֶל־הַמִּקְדָּשׁ לֹא תָבֹא עַד־מְלֹאת
ה יְמֵי טָהֳרָהּ׃ וְאִם־נְקֵבָה תֵלֵד וְטָמְאָה שְׁבֻעַיִם כְּנִדָּתָהּ

דיא קוועלברונען, אונד אַ גרוב, דיא זאַמלונג פון וואַסער, זאָל ריין זיין, אָבער דער וואָס ריהרט אָן זייערע נבלות זאָל זיין אומריין: 37 אונד ווען איינס פון זייערע נבלות ווערט פאַלען אויף אַלערלייא געזייטען זאַמען וואָס ווערט געזייט, דאָס זאָל ריין זיין: 38 אָבער ווען וואַסער איז געטהון געוואָרען אויף דעם זאָמען, אונד איינס פון זייערע נבלות ווערט דאַרויף פאַלען דאָס זאָל צו אייך אומריין זיין: 39 אונד ווען עס ווערט שטאַרבען אַ בהמה וואָס איז פאַר אייך צו עסען, דער וואָס ריהרט אָן זייער נבלה זאָל אומריין זיין ביז אָבענד: 40 אונד דער וואָס ווערט עסען פון דער נבלה זאָל וואַשען זיינע קליידער, אונד ער זאָל אומריין זיין ביז אָבענד, אונד דער וואָס טראָגט איהרע נבלה זאָל זיינע קליידער וואַשען אונד זאָל אומריין זיין ביז אָבענד: 41 אונד איטליכע ווידמענונג וואָס ווידמעט זיך אויף דער ערד, דאָס איז איינע אומווירדיגקייט, עס זאָל ניט געגעסען ווערען: 42 אַלעס וואָס גייט אויף דעם בויך, אונד אַלעס וואָס גייט אויף פיער פיס, ביז אַלע פיער פיסיגע צו אַלע ווידמענונג וואָס ווידמעט זיך אויף דער ערד, איהר זאָלט זייא ניט עסען, ווייל זייא זענען איינע אומווירדיגקייט: 43 איהר זאָלט ניט פעראומווירדיגען אייערע זעלען מיט קיינערלייא ווידמענונג וואָס ווידמעט זיך, אונד איהר זאָלט אייך ניט פעראומריינינגען מיט זייא אַז איהר זאָלט אָן זייא אומריין ווערען: 44 וואָרין איך בין דער האר אייער גאָט, איהר זאָלט אייך היילינען, אונד איהר זאָלט הייליג זיין, ווייל איך בין הייליג, אונד איהר זאָלט ניט פעראומריינינגען אייערע זעלען מיט קיינערלייא ווירמענונג וואָס ווידמעט זיך אויף דער ערד: 45 ווייל איך בין גאָט וואָס האָט אייך אַרויפגעבראַכט פון דעם לאַנד מצרים, צו זיין צו אייך צו איין גאָט, אונד איהר זאָלט זיין הייליג, וואָרין איך בין הייליג: 46 דיזעס איז דיא לערנונג פון דיא בהמות, אונד פון דיא פייגעל, אונד פון אַלערלייא לעבעדיגע נפשות, וואָס ווידמעט זיך אין דיא וואַסער, אונד איטליכעס נפש וואָס ווידמעט זיך אויף דער ערד: 47 צו אונטערשיידען צווישען דעם אומריינעם, אונד צווישען דעם ריינעם, אונד צווישען דער חיה וואָס מעג געגעסען ווערען, אונד צווישען דער חיה וואָס טאָר ניט געגעסען ווערען:

## קאפיטעל יב

### תזריע

1 אונד גאָט האָט גערעדט צו משה אַזוֹי צו זאָגען: 2 רעד צו דיא קינדער ישׂראל, אונד זאָג ווען אַ ווייב ווערט מזריע זיין, אונד ווערט געווינען אַ זכר, אַזוֹי זאָל זיא אומריין זיין זיבען טעג, גלייך וויא דיא טעג פון דיא אָפּזונדערונג פון איהרע קראַנקהייט זאָל זיא אומריין זיין: 3 אונד אין דעם אַכטען טאָג זאָל דאָס פלייש פון זיינע ערלה בעשניטען ווערען: 4 אונד דרייא אונד דרייסיג טעג זאָל זיא בלייבען אין דעם בלוט פון איהרע ריינינונג, אָן קיינערלייא הייליגקייט זאָל זיא ניט אָנריהרען, אונד צו דעם הייליגטהום. זאָל זיא ניט קומען ביז עס ווערען דערפילט ווערען דיא טעג פון איהרע ריינינונג: 5 אונד ווען זיא ווערט געווינען אַ נקבה, אַזוֹי זאָל זיא אומריין זיין צווייא וואָכען, גלייך וויא איהרע אָפּזונדערונג,
אונד

אונד זעקס אונד זעכציג טעג זָאל זיא
בלייבען פון וועגען דעם בלוט פון איהרע
ריינִיגונג: 6 אונד ווען דיא טעג פון
איהרע ריינִיגונג וועלען ערפילט ווער־
רען, וועגען א זוהן אָדער וועגען א
טָאכטער, זָאל זיא ברענגען א לַאם איין
יָאהר אַלט פַאר א בְּרַאנד־אָפּפֶער, אונד
א יונגע טויב, אָדער א טורטעל טויב
פַאר א זינד־אָפּפֶער, צו דיא טיר פון
דעם געצעלט פון דיא פערזאמלונג, צו
דעם כֹּהֵן: 7 אונד ער זָאל עס מַקריב
זיין פַאר גָאט, אונד ער זָאל וועגען
איהר מְכַפֵּר זיין, אונד זיא זָאל ריין זיין
פון דעם קְוַואל פון איהר בלוט, דָאס
איז דיא לערנונג פון דיא געווינע־
רין, וועגען א זָכר אָדער וועגען א
נקבה: 8 אָבער ווען זיא הָאט ניט
גענונג פַאר א לַאם, אזוי זָאל זיא נעמען
צווייא טורטעל טויבען אָדער צווייא
יונגע טויבען, איינע פַאר א בְּרַאנד־
אָפּפֶער, אונד איינע פַאר א זינד־אָפּפֶער,
אונד דער כֹּהֵן זָאל וועגען איהר מְכַפֵּר
זיין, אונד זיא זָאל ריין זיין:

קאפיטעל יג

1 אונד גאט האט גערעדט צו משה אונד
צו אַהרן אזוי צו זָאגען: 2 ווען א מענש וועט האבען אין דיא הויט פון זיין
פליישׁ א געשווילעכטס אָדער א באהעפטונג, אָדער א ווייסען גרינד, אונד עס וועט
ווערען אין דער הויט פון זיין פליישׁ צו א פּלָאג פון דיא קרעצ, אזוי זָאל ער
געבראכט ווערען צו אַהרן הַכֹּהֵן, אָדער צו איינעם פון זיינע זיהן, דיא כֹּהֲנים: 3 אונד
דער כֹּהֵן זָאל זעהען דיא פּלָאג אין דיא הויט פון דעם פליישׁ, אונד ווען דיא האר פון
דיא פּלָאג איז פערקערט געוואָרען ווייס, אונד דאס אנזעהען פון דיא פּלָאג איז טיפער
וויא דיא הויט פון זיין פליישׁ, אזוי איז עס א פּלָאג פון דיא קרעצ, אונד דער כֹּהֵן
זָאל איהם זעהען אונד ער זָאל איהם דערקלערען פאר אומריין: 4 אונד ווען דער גרינד
איז ווייס אין דיא הויט פון זיין פליישׁ, אונד זיין אנזעהען איז ניט טיפער פון דיא
הויט, אונד דיא האר איז ניט פארקערט געוואָרען ווייס, אזוי זָאל דער כֹּהֵן פערשליסען
דיא פּלָאג אויף זיבען טעג: 5 אונד דער כֹּהֵן זָאל איהם זעהען אן דעם זיבעטען טאג,
אונד ווען דיא פּלָאג איז שטיין געבליבען נאך זיינע אויגען, דיא פּלָאג האט זיך ניט
אויסגעשפרייט אין דיא הויט, אזוי זָאל איהם דער כֹּהֵן פערשליסען אויף אנדערע
זיבען טעג: 6 אונד דער כֹּהֵן זָאל איהם זעהען אן דעם זיבעטען טאג צום צווייטען
מאל, אונד ווען דיא פּלָאג איז טונקעל געוואָרען, אונד דיא פּלָאג האט זיך ניט אויס־
געשפרייט אין דיא הויט, אזוי זָאל איהם דער כֹּהֵן פאר ריין דערקלערען, דאס איז א
באהעפטונג, אונד ער זָאל וואשען זיינע קליידער, אונד ער זָאל ריין זיין: 7 אָבער
ווען דיא באהעפטונג האט זיך אויסגעשפרייט אין דיא הויט, נאכדעם וויא ער האט
זיך געוויזען צו דעם כֹּהֵן איהם צו ריינִיגען, אזוי זָאל ער זיך ווייזען צום אנדערן מאל צו
דעם כֹּהֵן: 8 אונד דער כֹּהֵן זָאל זעהען, אונד זעה, דיא באהעפטונג האט זיך אויסגעשפרייט
אין דיא הויט, אזוי זָאל איהם דער כֹּהֵן דערקלערען פאר אומריין, עס איז דיא קרעצ:
9 ווען דיא פּלָאג פון דיא קרעצ וועט זיין אן א מענש, אזוי זָאל ער געבראכט ווערען צו
דעם כֹּהֵן: 10 אונד דער כֹּהֵן זָאל זעהען, אונד ווען א ווייס געשווילעכטס איז אין דיא
הויט, אונד דיא האר איז ווייס פערקערט געוואָרען, אונד א צייכען פון ווילד פליישׁ איז אין
דעם געשווילעכטס: 11 אזוי איז עס איינע אַלטע קרעצ אין דיא הויט פון זיין פליישׁ, אונד
דער כֹּהֵן זָאל איהם דערקלערען פאר אומריין, ער זָאל איהם ניט פארשליסען,
וואָרין ער איז אומריין: 12 אונד ווען דיא קרעצ וועט אויסשלאגען אין דיא
הויט

וְשִׁשִּׁים יוֹם וְשֵׁשֶׁת יָמִים תֵּשֵׁב עַל־דְּמֵי טָהֳרָה: וּבִמְלֹאת ׀ 6
יְמֵי טָהֳרָהּ לְבֵן אוֹ לְבַת תָּבִיא כֶּבֶשׂ בֶּן־שְׁנָתוֹ לְעֹלָה וּבֶן־
יוֹנָה אוֹ־תֹר לְחַטָּאת אֶל־פֶּתַח אֹהֶל־מוֹעֵד אֶל־הַכֹּהֵן:
וְהִקְרִיבוֹ לִפְנֵי יְהוָה וְכִפֶּר עָלֶיהָ וְטָהֲרָה מִמְּקֹר דָּמֶיהָ 7
זֹאת תּוֹרַת הַיֹּלֶדֶת לַזָּכָר אוֹ לַנְּקֵבָה: וְאִם־לֹא תִמְצָא 8
יָדָהּ דֵּי שֶׂה וְלָקְחָה שְׁתֵּי־תֹרִים אוֹ שְׁנֵי בְּנֵי יוֹנָה אֶחָד
לְעֹלָה וְאֶחָד לְחַטָּאת וְכִפֶּר עָלֶיהָ הַכֹּהֵן וְטָהֵרָה: פ

יג

וַיְדַבֵּר יְהוָה אֶל־מֹשֶׁה וְאֶל־אַהֲרֹן לֵאמֹר: אָדָם כִּי־יִהְיֶה א 2
בְעוֹר־בְּשָׂרוֹ שְׂאֵת אוֹ־סַפַּחַת אוֹ בַהֶרֶת וְהָיָה בְעוֹר־בְּשָׂרוֹ
לְנֶגַע צָרָעַת וְהוּבָא אֶל־אַהֲרֹן הַכֹּהֵן אוֹ אֶל־אַחַד מִבָּנָיו
הַכֹּהֲנִים: וְרָאָה הַכֹּהֵן אֶת־הַנֶּגַע בְּעוֹר־הַבָּשָׂר וְשֵׂעָר 3
בַּנֶּגַע הָפַךְ ׀ לָבָן וּמַרְאֵה הַנֶּגַע עָמֹק מֵעוֹר בְּשָׂרוֹ נֶגַע צָרַעַת
הוּא וְרָאָהוּ הַכֹּהֵן וְטִמֵּא אֹתוֹ: וְאִם־בַּהֶרֶת לְבָנָה הִוא 4
בְּעוֹר בְּשָׂרוֹ וְעָמֹק אֵין־מַרְאֶהָ מִן־הָעוֹר וּשְׂעָרָה לֹא־הָפַךְ
לָבָן וְהִסְגִּיר הַכֹּהֵן אֶת־הַנֶּגַע שִׁבְעַת יָמִים: וְרָאָהוּ הַכֹּהֵן 5
בַּיּוֹם הַשְּׁבִיעִי וְהִנֵּה הַנֶּגַע עָמַד בְּעֵינָיו לֹא־פָשָׂה הַנֶּגַע
בָּעוֹר וְהִסְגִּירוֹ הַכֹּהֵן שִׁבְעַת יָמִים שֵׁנִית: וְרָאָה הַכֹּהֵן 6
אֹתוֹ בַּיּוֹם הַשְּׁבִיעִי שֵׁנִית וְהִנֵּה כֵּהָה הַנֶּגַע וְלֹא־פָשָׂה
הַנֶּגַע בָּעוֹר וְטִהֲרוֹ הַכֹּהֵן מִסְפַּחַת הִוא וְכִבֶּס בְּגָדָיו וְטָהֵר:
וְאִם־פָּשֹׂה תִפְשֶׂה הַמִּסְפַּחַת בָּעוֹר אַחֲרֵי הֵרָאֹתוֹ אֶל־ 7
הַכֹּהֵן לְטָהֳרָתוֹ וְנִרְאָה שֵׁנִית אֶל־הַכֹּהֵן: וְרָאָה הַכֹּהֵן 8
וְהִנֵּה פָּשְׂתָה הַמִּסְפַּחַת בָּעוֹר וְטִמְּאוֹ הַכֹּהֵן צָרַעַת הִוא: פ
נֶגַע צָרַעַת כִּי תִהְיֶה בְּאָדָם וְהוּבָא אֶל־הַכֹּהֵן: וְרָאָה הַכֹּהֵן 9 10
וְהִנֵּה שְׂאֵת־לְבָנָה בָּעוֹר וְהִיא הָפְכָה שֵׂעָר לָבָן וּמִחְיַת
בָּשָׂר חַי בַּשְׂאֵת: צָרַעַת נוֹשֶׁנֶת הִוא בְּעוֹר בְּשָׂרוֹ וְטִמְּאוֹ 11
הַכֹּהֵן לֹא יַסְגִּרֶנּוּ כִּי טָמֵא הוּא: וְאִם־פָּרוֹחַ תִּפְרַח הַצָּרַעַת 12

בעור וכסתה הצרעת את כל־עור הנגע מראשו ועד־
13 רגליו לכל־מראה עיני הכהן׃ וראה הכהן והנה כסתה
הצרעת את־כל־בשרו וטהר את־הנגע כלו הפך לבן
14 טו טהור הוא׃ וביום הראות בו בשר חי יטמא׃ וראה
הכהן את־הבשר החי וטמאו הבשר החי טמא הוא
16 צרעת הוא׃ או כי ישוב הבשר החי ונהפך ללבן ובא
17 אל־הכהן׃ וראהו הכהן והנה נהפך הנגע ללבן וטהר
הכהן את־הנגע טהור הוא׃ פ
18 19 ובשר כי־יהיה בו־בערו שחין ונרפא׃ והיה במקום
השחין שאת לבנה או בהרת לבנה אדמדמת ונראה
כ אל־הכהן׃ וראה הכהן והנה מראה שפל מן־העור
ושערה הפך לבן וטמאו הכהן נגע־צרעת הוא בשחין
21 פרחה׃ ואם ׀ יראנה הכהן והנה אין־בה שער לבן ושפלה
איננה מן־העור והיא כהה והסגירו הכהן שבעת ימים׃
22 23 ואם־פשה תפשה בעור וטמא הכהן אתו נגע הוא׃ ואם־
תחתיה תעמד הבהרת לא פשתה צרבת השחין הוא
24 וטהרו הכהן׃ ס או בשר כי־יהיה בערו מכות־אש
והיתה מחית המכוה בהרת לבנה אדמדמת או לבנה׃
כה וראה אתה הכהן והנה נהפך שער לבן בבהרת ומראה
עמק מן־העור צרעת הוא במכוה פרחה וטמא אתו הכהן
26 נגע צרעת הוא׃ ואם ׀ יראנה הכהן והנה אין־בבהרת
שער לבן ושפלה איננה מן־העור והוא כהה והסגירו
27 הכהן שבעת ימים׃ וראהו הכהן ביום השביעי אם־
פשה תפשה בעור וטמא הכהן אתו נגע צרעת הוא׃
28 ואם־תחתיה תעמד הבהרת לא־פשתה בעור והוא כהה
שאת המכוה הוא וטהרו הכהן כי־צרבת המכוה הוא׃ פ
29 ל ואיש או אשה כי־יהיה בו נגע בראש או בזקן׃ וראה

הויט, אונד דיא קרעץ וועט בעדעקען דיא גאנצע הויט פון זיין פלאג, פון זיין קאפ אונד ביז זיינע פיס, נאך אלעם אנזעהען נאך פון דיא אויגען פון דעם כהן: 13 אונד דער כהן זעהט עס אונד זעה דיא קרעץ האט באדעקט זיין גאנצעס פלייש, אזוי זאל ער פאר ריין דערקלערען דיא פלאג, עס איז גאנץ פארקערט געווארען ווייס, ער איז ריין: 14 אבער אין דעם טאג ווען ווילד־פלייש וועט זיך אין איהם ווייזען, זאל ער אומריין זיין: 15 אונד ווען דער כהן וועט זעהען דאס ווילד־פלייש, זאל ער איהם פאר אומריין דערקלערען, דאס ווילד־פלייש איז אומריין, דאס איז קרעץ: 16 אדער ווען דאס ווילד־פלייש וועט זיך ווידערקערען אונד וועט פערקערט ווערען צו ווייס, אזוי זאל ער קומען צו דעם כהן: 17 אונד ווען דער כהן וועט זעהען אונד זעה, דיא פלאג איז פארקערט געווארען צו ווייס, זאל דער כהן דערקלערען דיא פלאג פאר ריין, ער איז ריין:

18 אונד דאס פלייש וואס איז געוועזען אין איהם אין זיינע הויט א גרינד, אונד עס איז געהיילט געווארען: 19 אונד עס וועט זיין אן דעם ארט פון דעם גרינד א ווייס געשווילעכטס אדער א ווייסער גרינד, וואס איז געווארען ווייס־רויטליך, אזוי זאל ער זיך ווייזען צו דעם כהן: 20 אונד ווען דער כהן וועט זעהען אונד זעה, זיין אנגעזעהען איז נידריגער פון דיא הויט, אונד זיין האר איז ווייס פערקערט געווארען, אזוי זאל דער כהן איהם דערקלערען פאר אומריין, עס איז דיא פלאג פון דיא קרעץ, עס איז אויסגעשלאגען אין דעם גרינד: 21 אונד ווען דער כהן וועט עס זעהען אונד זעה, עס איז ניט דארין קיינע ווייסע האר, אונד עס איז ניט נידריגער פון דיא הויט, אונד עס איז טונקעל געווארען, אזוי זאל דער כהן איהם פארשליסען אויף זיבען טעג: 22 אונד ווען עס וועט זיך אויסשפרייטען אין דיא הויט, זאל דער כהן איהם דערקלערען פאר אומריין, עס איז א פלאג: 23 אבער ווען דער ווייסער גרינד בלייבט שטיין אויף זיין ארט, אונד שפרייט זיך ניט אויס, דאס איז א העפט פון דעם גרינד, אונד דער כהן זאל איהם דערקלערען פאר ריין: 24 אבער וועגען דעם פלייש, ווען עס וועט זיין אין זיינע הויט א בראנד פון פייער, אונד עס וועט ווערען דאס צייכען פון דעם בראנד א ווייסער רינד, ווייס־רויטליך, אדער ווייס: 25 אונד ווען דער כהן וועט עס זעהען, אונד זעה דיא האר זענען ווייס פערקערט געווארען אין דעם ווייסען גרינד, אונד זיין אויסזעהען איז טיפער פון דיא הויט, אזוי איז עס דיא קרעץ, עס איז אויסגעשלאגען אין דעם בראנד, אונד דער כהן זאל איהם דערקלערען פאר אומריין, עס איז דיא פלאג פון דיא קרעץ: 26 אונד ווען דער כהן וועט עס זעהען, אונד זעה, עס איז ניט אין דעם ווייסען גרינד קיין ווייסע האר, אונד זיא איז ניט נידריגער פון דיא הויט, אונד זיא איז טונקעל, אזוי זאל דער כהן איהם פערשליסען אויף זיבען טעג: 27 אונד דער כהן זאל איהם זעהען אין דעם זיבטען טאג, ווען עס האט זיך אויסגעשפרייט אין דיא הויט, אזוי זאל דער כהן איהם דערקלערען פאר אומריין, עס איז דיא פלאג פון דיא קרעץ: 28 אונד ווען דער ווייסער גרינד איז שטיין געבליבען אויף זיין ארט, עס האט זיך ניט אויסגעשפרייט אין דיא הויט, אונד עס איז טונקעל, דאס איז א געשווילעכטס פון דעם בראנד, דער כהן זאל איהם דערקלערען פאר ריין, ווארין עס איז א העפט פון דעם בראנד: 29 אונד א מאן אדער א ווייב, ווען עס וועט זיין אן איהם א פלאג אן דעם קאפ אדער אן דעם בארט: 30 אונד ווען דער

ה בְּמוֹעֲדָם׃ בַּחֹדֶשׁ הָרִאשׁוֹן בְּאַרְבָּעָה עָשָׂר לַחֹדֶשׁ בֵּין
6 הָעַרְבָּיִם פֶּסַח לַיהוָה׃ וּבַחֲמִשָּׁה עָשָׂר יוֹם לַחֹדֶשׁ הַזֶּה
7 חַג הַמַּצּוֹת לַיהוָה שִׁבְעַת יָמִים מַצּוֹת תֹּאכֵלוּ׃ בַּיּוֹם
הָרִאשׁוֹן מִקְרָא־קֹדֶשׁ יִהְיֶה לָכֶם כָּל־מְלֶאכֶת עֲבֹדָה לֹא
8 תַעֲשׂוּ׃ וְהִקְרַבְתֶּם אִשֶּׁה לַיהוָה שִׁבְעַת יָמִים בַּיּוֹם
הַשְּׁבִיעִי מִקְרָא־קֹדֶשׁ כָּל־מְלֶאכֶת עֲבֹדָה לֹא תַעֲשׂוּ׃ פ
9 וַיְדַבֵּר יְהוָה אֶל־מֹשֶׁה לֵּאמֹר׃ דַּבֵּר אֶל־בְּנֵי יִשְׂרָאֵל
וְאָמַרְתָּ אֲלֵהֶם כִּי־תָבֹאוּ אֶל־הָאָרֶץ אֲשֶׁר אֲנִי נֹתֵן לָכֶם
וּקְצַרְתֶּם אֶת־קְצִירָהּ וַהֲבֵאתֶם אֶת־עֹמֶר רֵאשִׁית קְצִירְכֶם
11 אֶל־הַכֹּהֵן׃ וְהֵנִיף אֶת־הָעֹמֶר לִפְנֵי יְהוָה לִרְצֹנְכֶם
12 מִמָּחֳרַת הַשַּׁבָּת יְנִיפֶנּוּ הַכֹּהֵן׃ וַעֲשִׂיתֶם בְּיוֹם הֲנִיפְכֶם
13 אֶת־הָעֹמֶר כֶּבֶשׂ תָּמִים בֶּן־שְׁנָתוֹ לְעֹלָה לַיהוָה׃ וּמִנְחָתוֹ
שְׁנֵי עֶשְׂרֹנִים סֹלֶת בְּלוּלָה בַשֶּׁמֶן אִשֶּׁה לַיהוָה רֵיחַ
14 נִיחֹחַ וְנִסְכֹּה יַיִן רְבִיעִת הַהִין׃ וְלֶחֶם וְקָלִי וְכַרְמֶל לֹא
תֹאכְלוּ עַד־עֶצֶם הַיּוֹם הַזֶּה עַד הֲבִיאֲכֶם אֶת־קָרְבַּן
אֱלֹהֵיכֶם חֻקַּת עוֹלָם לְדֹרֹתֵיכֶם בְּכֹל מֹשְׁבֹתֵיכֶם׃ ס
טו וּסְפַרְתֶּם לָכֶם מִמָּחֳרַת הַשַּׁבָּת מִיּוֹם הֲבִיאֲכֶם אֶת־עֹמֶר
16 הַתְּנוּפָה שֶׁבַע שַׁבָּתוֹת תְּמִימֹת תִּהְיֶינָה׃ עַד מִמָּחֳרַת
הַשַּׁבָּת הַשְּׁבִיעִת תִּסְפְּרוּ חֲמִשִּׁים יוֹם וְהִקְרַבְתֶּם מִנְחָה
17 חֲדָשָׁה לַיהוָה׃ מִמּוֹשְׁבֹתֵיכֶם תָּבִיאוּ ׀ לֶחֶם תְּנוּפָה
שְׁתַּיִם שְׁנֵי עֶשְׂרֹנִים סֹלֶת תִּהְיֶינָה חָמֵץ תֵּאָפֶינָה בִּכּוּרִים
18 לַיהוָה׃ וְהִקְרַבְתֶּם עַל־הַלֶּחֶם שִׁבְעַת כְּבָשִׂים תְּמִימִם
בְּנֵי שָׁנָה וּפַר בֶּן־בָּקָר אֶחָד וְאֵילִם שְׁנָיִם יִהְיוּ עֹלָה
לַיהוָה וּמִנְחָתָם וְנִסְכֵּיהֶם אִשֵּׁה רֵיחַ־נִיחֹחַ לַיהוָה׃
19 וַעֲשִׂיתֶם שְׂעִיר־עִזִּים אֶחָד לְחַטָּאת וּשְׁנֵי כְבָשִׂים בְּנֵי
כ שָׁנָה לְזֶבַח שְׁלָמִים׃ וְהֵנִיף הַכֹּהֵן ׀ אֹתָם עַל לֶחֶם
הַבִּכֻּרִים תְּנוּפָה לִפְנֵי יְהוָה עַל־שְׁנֵי כְּבָשִׂים קֹדֶשׁ יִהְיוּ

אִין זֵיירֶע בֶּעשְׁטִימְטֶע צֵייטֶען: 5 אִין דֶעם עֶרְשְׁטֶען חֹדֶשׁ אִין דֶעם פִירְצֶענְטֶען פוּן דֶעם חֹדֶשׁ צְווִישֶׁען דִיא אָבֶּענְדֶען, אִיז פֶּסַח צוּ גָאט: 6 אוּנְד אָן דֶעם פוּפְצֶענְטֶען טָאג פוּן דֶעם דָאזִיגֶען חֹדֶשׁ אִיז דֶער פֵייעֶרְטָאג פוּן מַצּוֹת צוּ גָאט, זִיבֶּען טֶעג זָאלְט אִיהְר עֶסֶען מַצּוֹת: 7 אָן דֶעם עֶרְשְׁטֶען טָאג זָאל זֵיין אַ הֵיילִיגֶע פֶערְזַאמְלוּנְג צוּ אֵייךְ, קֵיינֶער־לֵייא אַרְבֵּייט פוּן דִינְסְט זָאלְט אִיהְר נִיט טְהוּן: 8 אוּנְד אִיהְר זָאלְט מַקְרִיב זֵיין אַ פֵייעֶר־אָפְּפֶער צוּ גָאט זִיבֶּען טֶעג, אִין דֶעם זִיבֶּענְטֶען טָאג זָאל זֵיין אַ הֵיילִיגֶע פֶערְזַאמְלוּנְג, קֵיינֶערְלֵייא אַרְבֵּייט פוּן דִינְסְט זָאלְט אִיהְר נִיט טְהוּן:

9 אוּנְד גָאט הָאט גֶערֶעט צוּ מֹשֶׁה אַזוֹי צוּ זָאגֶען: 10 רֶעד צוּ דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל אוּנְד דוּא זָאלְסְט צוּ זֵייא זָאגֶען, וֶוען אִיהְר וֶועט קוּמֶען צוּ דֶעם לַאנְד וָואס אִיךְ גִיבּ צוּ אֵייךְ, אוּנְד אִיהְר וֶועט שְׁנֵיידֶען זֵיין שְׁנִיט, אַזוֹי זָאלְט אִיהְר בְּרֶענְגֶען אֵיין עֹמֶר פוּן דֶעם עֶרְשְׁטֶען פוּן אֵייעֶר שְׁנִיט צוּ דֶעם כֹּהֵן: 11 אוּנְד עֶר זָאל אוֹיפְהֵייבֶּען דֶעם עֹמֶר פַאר גָאט וֶועגֶען אֵייעֶר וְואוֹילְגֶעפַאלֶען, פוּן דֶעם מָארְגֶנְדִיגֶען טָאג פוּן דֶעם שַׁבָּת, זָאל עֶס דֶער כֹּהֵן אוֹיפְהֵייבֶּען: 12 אוּנְד אִיהְר זָאלְט מַקְרִיב זֵיין אָן דֶעם טָאג וֶוען אִיהְר וֶועט אוֹיפְהֵייבֶּען דֶעם עֹמֶר, אַ לַאם אָהְן אַ פֶּעהְלֶער, אֵיין יָאהְר אַלְט, פַאר אַ בְּרַאנְד־אָפְּפֶער צוּ גָאט: 13 אוּנְד זֵיין שְׁפֵּייז־אָפְּפֶער צְווֵייא צֶענְטֶעל זֶעמֶעל־מֶעהְל גֶעמִישְׁט מִיט אֵייל, אַ פֵייעֶר־אָפְּפֶער צוּ גָאט, אַ לִיבְּלִיכֶער גֶעשְׁמַאק, אוּנְד זֵיינֶע גִיסוּנְג אֵיין פִירְטֶעל הִין וֵויין: 14 אוּנְד בְּרוֹיט, אוּנְד גֶעבְּרֶענְטֶע זַאנְגֶען, אוּנְד גְרִינֶע זַאנְגֶען זָאלְט אִיהְר נִיט עֶסֶען בִּיז דֶעם גֶעמְלִיכֶען דָאזִיגֶען טָאג, בִּיז אִיהְר וֶועט בְּרֶענְגֶען דָאס אָפְּפֶער פוּן אֵייעֶר גָאט, עֶס זָאל זֵיין אֵיין אֵייבִּיגֶעם גֶעזֶעץ צוּ אַלֶע אֵיירֶע גֶעשְׁלֶעכְטֶער אִין אַלֶע אֵיירֶע וְואוֹינוּנְגֶען: 15 אוּנְד אִיהְר זָאלְט צֵיילֶען צוּ אֵייךְ פוּן דֶעם מָארְגֶעדִיגֶען טָאג פוּן שַׁבָּת, וֶוען אִיהְר הָאט גֶעבְּרֶענְגְט דֶעם עֹמֶר פוּן דִיא אוֹיפְהֵייבּוּנְג, זִיבֶּען שַׁבָּתִים, זֵייא זָאלֶען זֵיין גַאנְצֶע: 16 בִּיז צוּ דֶעם מָארְגֶעדִיגֶען טָאג פוּן דֶעם זִיבֶּעטֶען שַׁבָּת זָאלְט אִיהְר צֵיילֶען פוּפְצִיג טֶעג, אוּנְד אִיהְר זָאלְט מַקְרִיב זֵיין אַ נֵייעֶם שְׁפֵּייז־אָפְּפֶער צוּ גָאט: 17 פוּן אֵיירֶע וְואוֹינוּנְגֶען זָאלְט אִיהְר בְּרֶענְגֶען דָאס בְּרוֹיט פוּן דִיא אוֹיפְהֵייבּוּנְג, צְווֵייא (בְּרוֹיט) פוּן צְווֵייא צֶענְטֶעל זֶעמֶעל־מֶעהְל זָאלֶען זֵייא זֵיין, מִיט חָמֵץ זָאלֶען זֵייא גֶעבַּאקֶען וֶוערֶען, זֵייא זֶענֶען דִיא עֶרְשְׁטֶע פְרוּכְט פוּן גָאט: 18 אוּנְד אִיהְר זָאלְט מַקְרִיב זֵיין מִיט דֶעם בְּרוֹיט זִיבֶּען לֶעמֶער אָהְן אַ פֶּעהְלֶער, אֵיין יָאהְר אַלְט, אוּנְד אַ יוּנְגֶען שְׁטִיעֶר, אוּנְד צְווֵייא ווִידֶער, זֵייא זָאלֶען זֵיין אַ בְּרַאנְד־אָפְּפֶער צוּ גָאט, אוּנְד זֵיירֶע שְׁפֵּייז־אָפְּפֶער אוּנְד זֵיירֶע גִיסוּנְג, אַ פֵייעֶר־אָפְּפֶער, אַ לִיבְּלִיכֶער גֶעשְׁמַאק צוּ גָאט: 19 אוּנְד אִיהְר זָאלְט מַאכֶען אֵיין צִיגֶען־בֶּעקֶעל פַאר אַ זִינְד־אָפְּפֶער, אוּנְד צְווֵייא לֶעמֶער, אֵיין יָאהְר אַלְט, פַאר אַ פְרִיד־אָפְּפֶער: 20 אוּנְד דֶער כֹּהֵן זָאל זֵייא אוֹיפְהֵייבֶּען מִיט דֶעם בְּרוֹיט פוּן דִיא עֶרְשְׁטֶע פְרוּכְט, אֵיינֶע אוֹיפְהֵייבּוּנְג פַאר גָאט, מִיט דִיא צְווֵייא לֶעמֶער, זֵייא זָאלֶען זֵיין הֵיילִיג צוּ

באט

21 לַיהוָֹה לַכֹּהֵן: וּקְרָאתֶם בְּעֶצֶם ׀ הַיּוֹם הַזֶּה מִקְרָא־קֹדֶשׁ
יִהְיֶה לָכֶם כָּל־מְלֶאכֶת עֲבֹדָה לֹא תַעֲשׂוּ חֻקַּת עוֹלָם
22 בְּכָל־מוֹשְׁבֹתֵיכֶם לְדֹרֹתֵיכֶם: וּבְקֻצְרְכֶם אֶת־קְצִיר אַרְצְכֶם
לֹא־תְכַלֶּה פְּאַת שָׂדְךָ בְּקֻצְרֶךָ וְלֶקֶט קְצִירְךָ לֹא תְלַקֵּט
לֶעָנִי וְלַגֵּר תַּעֲזֹב אֹתָם אֲנִי יְהוָֹה אֱלֹהֵיכֶם: פ
23 24 וַיְדַבֵּר יְהוָֹה אֶל־מֹשֶׁה לֵּאמֹר: דַּבֵּר אֶל־בְּנֵי יִשְׂרָאֵל
לֵאמֹר בַּחֹדֶשׁ הַשְּׁבִיעִי בְּאֶחָד לַחֹדֶשׁ יִהְיֶה לָכֶם שַׁבָּתוֹן
כה זִכְרוֹן תְּרוּעָה מִקְרָא־קֹדֶשׁ: כָּל־מְלֶאכֶת עֲבֹדָה לֹא תַעֲשׂוּ
26 וְהִקְרַבְתֶּם אִשֶּׁה לַיהוָֹה: ס וַיְדַבֵּר יְהוָֹה אֶל־מֹשֶׁה
27 לֵּאמֹר: אַךְ בֶּעָשׂוֹר לַחֹדֶשׁ הַשְּׁבִיעִי הַזֶּה יוֹם הַכִּפֻּרִים
הוּא מִקְרָא־קֹדֶשׁ יִהְיֶה לָכֶם וְעִנִּיתֶם אֶת־נַפְשֹׁתֵיכֶם
28 וְהִקְרַבְתֶּם אִשֶּׁה לַיהוָֹה: וְכָל־מְלָאכָה לֹא תַעֲשׂוּ בְּעֶצֶם
הַיּוֹם הַזֶּה כִּי יוֹם כִּפֻּרִים הוּא לְכַפֵּר עֲלֵיכֶם לִפְנֵי יְהוָֹה
29 אֱלֹהֵיכֶם: כִּי כָל־הַנֶּפֶשׁ אֲשֶׁר לֹא־תְעֻנֶּה בְּעֶצֶם הַיּוֹם
ל הַזֶּה וְנִכְרְתָה מֵעַמֶּיהָ: וְכָל־הַנֶּפֶשׁ אֲשֶׁר תַּעֲשֶׂה כָּל־
מְלָאכָה בְּעֶצֶם הַיּוֹם הַזֶּה וְהַאֲבַדְתִּי אֶת־הַנֶּפֶשׁ הַהִוא
31 מִקֶּרֶב עַמָּהּ: כָּל־מְלָאכָה לֹא תַעֲשׂוּ חֻקַּת עוֹלָם
32 לְדֹרֹתֵיכֶם בְּכֹל מֹשְׁבֹתֵיכֶם: שַׁבַּת שַׁבָּתוֹן הוּא לָכֶם
וְעִנִּיתֶם אֶת־נַפְשֹׁתֵיכֶם בְּתִשְׁעָה לַחֹדֶשׁ בָּעֶרֶב מֵעֶרֶב עַד־
עֶרֶב תִּשְׁבְּתוּ שַׁבַּתְּכֶם: פ
33 34 וַיְדַבֵּר יְהוָֹה אֶל־מֹשֶׁה לֵּאמֹר: דַּבֵּר אֶל־בְּנֵי יִשְׂרָאֵל
לֵאמֹר בַּחֲמִשָּׁה עָשָׂר יוֹם לַחֹדֶשׁ הַשְּׁבִיעִי הַזֶּה חַג הַסֻּכּוֹת
לה שִׁבְעַת יָמִים לַיהוָֹה: בַּיּוֹם הָרִאשׁוֹן מִקְרָא־קֹדֶשׁ כָּל־
36 מְלֶאכֶת עֲבֹדָה לֹא תַעֲשׂוּ: שִׁבְעַת יָמִים תַּקְרִיבוּ אִשֶּׁה
לַיהוָֹה בַּיּוֹם הַשְּׁמִינִי מִקְרָא־קֹדֶשׁ יִהְיֶה לָכֶם וְהִקְרַבְתֶּם
אִשֶּׁה לַיהוָֹה עֲצֶרֶת הִוא כָּל־מְלֶאכֶת עֲבֹדָה לֹא תַעֲשׂוּ:
37 אֵלֶּה מוֹעֲדֵי יְהוָֹה אֲשֶׁר־תִּקְרְאוּ אֹתָם מִקְרָאֵי קֹדֶשׁ לְהַקְרִיב
אִשֶּׁה לַיהוָֹה עֹלָה וּמִנְחָה זֶבַח וּנְסָכִים דְּבַר־יוֹם בְּיוֹמוֹ:

גָאט, פַאר דֶעם כֹּהֵן: 21 אוּנְד אִיהְר
זָאלְט אוֹיסְרוּפֶען אִין דֶעם גֶעמְלִיכֶען
דָאזִיגֶען טָאג, עֶס זָאל זַיין אַ הֵיילִיגֶע
פֶערְזַאמְלוּנְג צוּ אֵייךְ, קֵיינֶערְלֵייא אַרְבֵּייט
פוּן דִינְסְט זָאלְט אִיהְר נִיט טְהוּן, עֶס זָאל
זַיין אַיין אֵייבִּיגֶעס גֶעזֶעץ אִין אַלֶע אֵיירֶע
וְואוֹינוּנְגֶען צוּ אֵיירֶע גֶעשְׁלֶעכְטֶער:
22 אוּנְד וֶוען אִיהְר שְׁנֵיידֶעט דֶעם שְׁנִיט
פוּן אֵייעֶר לַאנְד, זָאלְסְט דוּא נִיט אִים
גַאנְצֶען אָפְּשְׁנֵיידֶען דִיא וִוינְקֶעל פוּן דֵיין
פֶעלְד וֶוען דוּא שְׁנֵיידְסְט, אוּנְד דִיא
קְלוֹיבּוּנְג פוּן דֵיין שְׁנִיט זָאלְסְט דוּא נִיט
אוֹיפְקְלוֹיבֶּען, פַאר דֶעם. אָרֶעמַאן אוּנְד
פַאר דֶעם גֵר זָאלְסְט דוּא זֵייא לָאזֶען,
אִיךְ בִּין דֶער הַאר אֵייעֶר גָאט:
23 אוּנְד גָאט הָאט גֶערֶעט צוּ מֹשֶׁה אַזוֹי
צוּ זָאגֶען: 24 רֶעד צוּ דִיא קִינְדֶער
יִשְׂרָאֵל אַזוֹי צוּ זָאגֶען, אִין דֶעם זִיבְּטֶען
חֹדֶשׁ, אִין דֶעם עֶרְשְׁטֶען פוּן דֶעם חֹדֶשׁ,
זָאל זֵיין צוּ אֵייךְ אַ רוּהוּנְג, דָאס גֶע־
דֶעכְטְנִיס פוּן שַׁאלוּנְג (תְּרוּעָה), אַ הֵיילִיגֶע
פֶערְזַאמְלוּנְג: 25 קֵיינֶערְלֵייא אַרְבֵּייט
פוּן דִינְסְט זָאלְט אִיהְר נִיט טְהוּן, אוּנְד
אִיהְר זָאלְט מַקְרִיב זֵיין אַ פֵייעֶר־אָפְּפֶער
צוּ גָאט: 26 אוּנְד גָאט הָאט גֶערֶעט צוּ
מֹשֶׁה אַזוֹי צוּ זָאגֶען: 27 אוֹיךְ אָן דֶעם צֶענְטֶען פוּן דֶעם דָאזִיגֶען זִיבְּטֶען חֹדֶשׁ
אִיז דֶער יוֹם הַכִּפֻּרִים, עֶס זָאל צוּ אֵייךְ זֵיין אַ הֵיילִיגֶע פֶערְזַאמְלוּנְג, אוּנְד אִיהְר זָאלְט
פֵּיינִיגֶען אֵייעֶר נֶפֶשׁ, אוּנְד אִיהְר זָאלְט מַקְרִיב זֵיין אַ פֵייעֶר־אָפְּפֶער צוּ גָאט:
28 קֵיינֶערְלֵייא אַרְבֵּייט זָאלְט אִיהְר נִיט טְהוּן אִין דֶעם גֶעמְלִיכֶען דָאזִיגֶען טָאג, וָוארִין
דָאס אִיז דֶער טָאג פוּן פֶערְזֶעהְנוּנְג, מְכַפֵּר צוּ זֵיין פַאר אֵייךְ, פָאר דֶעם הַאר
אֵייעֶר גָאט: 29 וָוארִין אִיטְלִיכֶער וָואס וֶועט זִיךְ נִיט פְּלָאגֶען אִין דֶעם גֶעמְלִיכֶען
דָאזִיגֶען טָאג, זָאל פַארְשְׁנִיטֶען וֶוערֶען פוּן זֵיין פָאלְק: 30 אוּנְד אִיטְלִיכֶער וָואס וֶועט
טְהוּן אַלֶערְלֵייא אַרְבֵּייט אִין דֶעם גֶעמְלִיכֶען דָאזִיגֶען טָאג, וֶועל אִיךְ דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען
פֶערְטִילְגֶען פוּן צְוִוישֶׁען זֵיין פָאלְק: 31 קֵיינֶערְלֵייא אַרְבֵּייט זָאלְט אִיהְר נִיט טְהוּן,
עֶס זָאל זֵיין אַיין אֵייבִּיגֶעס גֶעזֶעץ צוּ אֵיירֶע גֶעשְׁלֶעכְטֶער אִין אַלֶע אֵיירֶע וְואוֹינוּנְ־
גֶען: 32 עֶס אִיז אַ שַׁבָּת פוּן רוּהוּנְג צוּ אֵייךְ, אוּנְד אִיהְר זָאלְט פֵּיינִיגֶען אֵייעֶר נֶפֶשׁ,
אָן דֶעם נֵיינְטֶען פוּן דֶעם חֹדֶשׁ, אִין דֶעם אָבֶענְד, פוּן אָבֶענְד בִּיז אָבֶענְד זָאלְט
אִיהְר רוּהֶען אֵייעֶר שַׁבָּת:
33 אוּנְד גָאט הָאט גֶערֶעט צוּ מֹשֶׁה אַזוֹי צוּ זָאגֶען: 34 רֶעד צוּ דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל
אַזוֹי צוּ זָאגֶען, אָן דֶעם פוּפְצֶענְטֶען טָאג פוּן דֶעם דָאזִיגֶען זִיבְּטֶען חֹדֶשׁ אִיז דֶער
פֵייעֶר־טָאג פוּן סֻכּוֹת, זִיבֶּען טֶעג צוּ גָאט: 35 אִין דֶעם עֶרְשְׁטֶען טָאג זָאל
זֵיין אַ הֵיילִיגֶע פֶערְזַאמְלוּנְג, קֵיינֶערְלֵייא אַרְבֵּייט פוּן דִינְסְט זָאלְט אִיהְר נִיט טְהוּן:
36 זִיבֶּען טֶעג זָאלְט אִיהְר מַקְרִיב זֵיין אַ פֵייעֶר־אָפְּפֶער צוּ גָאט, אָן דֶעם
אַכְטֶען טָאג, זָאל זֵיין אַ הֵיילִיגֶע פֶערְזַאמְלוּנְג צוּ אֵייךְ, אוּנְד אִיהְר זָאלְט מַקְרִיב
זֵיין אַ פֵייעֶר־אָפְּפֶער צוּ גָאט, עֶס אִיז עֲצֶרֶת, קֵיינֶערְלֵייא אַרְבֵּייט פוּן דִינְסְט
זָאלְט אִיהְר נִיט טְהוּן: 37 דִיא דָאזִיגֶע זֶענֶען דִיא פֵייעֶר־טֶעג פוּן גָאט,
וָואס אִיהְר זָאלְט זֵייא אוֹיסְרוּפֶען הֵיילִיגֶע פֶערְזַאמְלוּנְגֶען, מַקְרִיב צוּ זֵיין אַ
פֵייעֶר־אָפְּפֶער צוּ גָאט. אַ בְּרַאנְד־אָפְּפֶער, אוּנְד אַ שְׁפֵּייז־אָפְּפֶער, אַ שֶׁעכְט־
אָפְּפֶער, אוּנְד דִיא גִיסוּנְגֶען, דִיא זַאךְ פוּן אִיטְלִיכֶען טָאג אִין זֵיין טָאג:

38 מִלְּבַד שַׁבְּתֹת יְהוָה וּמִלְּבַד מַתְּנוֹתֵיכֶם וּמִלְּבַד כָּל־נִדְרֵיכֶם
39 וּמִלְּבַד כָּל־נִדְבֹתֵיכֶם אֲשֶׁר תִּתְּנוּ לַיהוָה׃ אַךְ בַּחֲמִשָּׁה
עָשָׂר יוֹם לַחֹדֶשׁ הַשְּׁבִיעִי בְּאָסְפְּכֶם אֶת־תְּבוּאַת הָאָרֶץ
תָּחֹגּוּ אֶת־חַג־יְהוָה שִׁבְעַת יָמִים בַּיּוֹם הָרִאשׁוֹן שַׁבָּתוֹן
מ וּבַיּוֹם הַשְּׁמִינִי שַׁבָּתוֹן׃ וּלְקַחְתֶּם לָכֶם בַּיּוֹם הָרִאשׁוֹן
פְּרִי עֵץ הָדָר כַּפֹּת תְּמָרִים וַעֲנַף עֵץ־עָבֹת וְעַרְבֵי־נָחַל
41 וּשְׂמַחְתֶּם לִפְנֵי יְהוָה אֱלֹהֵיכֶם שִׁבְעַת יָמִים׃ וְחַגֹּתֶם אֹתוֹ
חַג לַיהוָה שִׁבְעַת יָמִים בַּשָּׁנָה חֻקַּת עוֹלָם לְדֹרֹתֵיכֶם
42 בַּחֹדֶשׁ הַשְּׁבִיעִי תָּחֹגּוּ אֹתוֹ׃ בַּסֻּכֹּת תֵּשְׁבוּ שִׁבְעַת יָמִים
43 כָּל־הָאֶזְרָח בְּיִשְׂרָאֵל יֵשְׁבוּ בַּסֻּכֹּת׃ לְמַעַן יֵדְעוּ דֹרֹתֵיכֶם
כִּי בַסֻּכּוֹת הוֹשַׁבְתִּי אֶת־בְּנֵי יִשְׂרָאֵל בְּהוֹצִיאִי אוֹתָם
44 מֵאֶרֶץ מִצְרָיִם אֲנִי יְהוָה אֱלֹהֵיכֶם׃ וַיְדַבֵּר מֹשֶׁה אֶת־
מֹעֲדֵי יְהוָה אֶל־בְּנֵי יִשְׂרָאֵל׃ פ

## כד

9 א וַיְדַבֵּר יְהוָה אֶל־מֹשֶׁה לֵּאמֹר׃ צַו אֶת־בְּנֵי יִשְׂרָאֵל וְיִקְחוּ
אֵלֶיךָ שֶׁמֶן זַיִת זָךְ כָּתִית לַמָּאוֹר לְהַעֲלֹת נֵר תָּמִיד׃
3 מִחוּץ לְפָרֹכֶת הָעֵדֻת בְּאֹהֶל מוֹעֵד יַעֲרֹךְ אֹתוֹ אַהֲרֹן
מֵעֶרֶב עַד־בֹּקֶר לִפְנֵי יְהוָה תָּמִיד חֻקַּת עוֹלָם לְדֹרֹתֵיכֶם׃
4 עַל הַמְּנֹרָה הַטְּהֹרָה יַעֲרֹךְ אֶת־הַנֵּרוֹת לִפְנֵי יְהוָה תָּמִיד׃ פ
ה וְלָקַחְתָּ סֹלֶת וְאָפִיתָ אֹתָהּ שְׁתֵּים עֶשְׂרֵה חַלּוֹת שְׁנֵי
6 עֶשְׂרֹנִים יִהְיֶה הַחַלָּה הָאֶחָת׃ וְשַׂמְתָּ אוֹתָם שְׁתַּיִם
מַעֲרָכוֹת שֵׁשׁ הַמַּעֲרָכֶת עַל הַשֻּׁלְחָן הַטָּהֹר לִפְנֵי יְהוָה׃
7 וְנָתַתָּ עַל־הַמַּעֲרֶכֶת לְבֹנָה זַכָּה וְהָיְתָה לַלֶּחֶם לְאַזְכָּרָה
8 אִשֶּׁה לַיהוָה׃ בְּיוֹם הַשַּׁבָּת בְּיוֹם הַשַּׁבָּת יַעַרְכֶנּוּ לִפְנֵי
9 יְהוָה תָּמִיד מֵאֵת בְּנֵי־יִשְׂרָאֵל בְּרִית עוֹלָם׃ וְהָיְתָה לְאַהֲרֹן
וּלְבָנָיו וַאֲכָלֻהוּ בְּמָקוֹם קָדֹשׁ כִּי קֹדֶשׁ קָדָשִׁים הוּא לוֹ
י מֵאִשֵּׁי יְהוָה חָק־עוֹלָם׃ ס וַיֵּצֵא בֶּן־אִשָּׁה יִשְׂרְאֵלִית
וְהוּא בֶּן־אִישׁ מִצְרִי בְּתוֹךְ בְּנֵי יִשְׂרָאֵל וַיִּנָּצוּ בַּמַּחֲנֶה

38 חוּץ דִיא שַׁבָּתִים פוּן גָאט, אוּנְד חוּץ אֵיירֶע גָאבֶּען, אוּנְד חוּץ אַלֶע אֵיירֶע נְדָרִים אוּנְד חוּץ אַלֶע אֵיירֶע פְרֵייוִוילִיגֶע אָפְּפֶער וָואס אִיהְר װעט גֶעבֶּען צוּ גָאט: 39 אוֹיךְ אָן דֶעם פוּפְצֶעהְנְטֶען טָאג פוּן דֶעם זִיבְּטֶען חֹדֶשׁ, װען אִיהְר זַאמֶעלְט אֵיין דִיא תְּבוּאָה פוּן דֶעם לַאנְד, זָאלְט אִיהְר פֵייעֶרְן דִיא פֵייעֶר־טֶעג פוּן גָאט זִיבֶּען טֶעג, אָן דֶעם עֶרְשְׁטֶען טָאג אִיז אַ רוּהוּנְג אוּנְד אָן דֶעם אַכְטֶען טָאג אִיז אַ רוּהוּנְג: 40 אוּנְד אִיהְר זָאלְט נֶעמֶען צוּ אֵייךְ אָן דֶעם עֶרְשְׁטֶען טָאג פְרוּכְט פוּן אַ שֵׁיינֶעם בּוֹים, בְּלֶעטֶער פוּן טֵייטֶעל בֵּיימֶער, אוּנְד אַ צְװֵייג פוּן אַ דִיק גֶעפְלָאכְטֶענֶעם בּוֹים, אוּנְד עֲרָבוֹת, פוּן דֶעם בַּאךְ, אוּנְד אִיהְר זָאלְט אֵייךְ פְרֵייעֶן פַאר דֶעם הַאר אֵייעֶר גָאט זִיבֶּען טֶעג: 41 אוּנְד אִיהְר זָאלְט אִיהְם פֵייעֶרְן פֵייעֶרְטֶעג צוּ גָאט זִיבֶּען טֶעג אִין דֶעם יָאהְר, עֶס זָאל זַיין אֵיין אֵייבִּיגֶעם גֶעזֶעץ צוּ אֵיירֶע גֶעשְׁלֶעכְטֶער, אִין דֶעם זִיבְּטֶען חֹדֶשׁ זָאלְט אִיהְר אִיהְם פֵייעֶרְן: 42 זִיבֶּען טֶעג זָאלְט אִיהְר װאוֹינֶען אִין סֻכּוֹת, אַלֶע אֵיינְגֶעבּוֹירֶענֶע אִין יִשְׂרָאֵל זָאלֶען װוֹינֶען אִין סֻכֹּת: 43 כְּדֵי אֵיירֶע גֶעשְׁלֶעכְטֶער זָאלֶען װיסֶען אַז אִיךְ הָאבּ גֶעמַאכְט װאוֹינֶען דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל אִין סֻכֹּת, װען אִיךְ הָאבּ זֵייא אַרוֹיסגֶעבְּרֶענְגְט פוּן דֶעם לַאנְד מִצְרַיִם, אִיךְ בִּין דֶער הַאר אֵייעֶר גָאט: 44 אוּנְד מֹשֶׁה הָאט גֶערֶעט דִיא פֵייעֶרְטֶעג פוּן גָאט צוּ דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל:

## קאפיטעל כד

1 אוּנְד גָאט הָאט גֶערֶעט צוּ מֹשֶׁה אַזוֹי צוּ זָאגֶען: 2 בֶּעפֶעל דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל אַז זֵייא זָאלֶען צוּ דִיר נֶעמֶען אֵייל פוּן אֵיילְבֶּער־בּוֹים צוּשְׁטוֹיסֶען פַאר דִיא בֶּעלֵייכְטֶען, אָנְצוּצִינְדֶען דֶעם נֵר תָּמִיד: 3 אוֹיסֶעװֵיינִיג פוּן דֶעם פָארְהַאנְג פוּן צֵייגְנִיס, אִין דֶעם גֶעצֶעלְט פוּן דִיא פֶערְזַאמְלוּנְג זָאל עֶס אַהֲרֹן אָנְרִיכְטֶען, פוּן אָבֶענְד בִּיז מָארְגֶען, שְׁטֶענְדִיג פַאר גָאט, עֶס זָאל זַיין אֵיין אֵייבִּיגֶעס גֶעזֶעץ צוּ אֵיירֶע גֶעשְׁלֶעכְטֶער: 4 אוֹיף דֶעם רֵיינֶעם לֵייכְטֶער זָאל עֶר אָנְרִיכְטֶען דִיא לָאמְפֶּען, פַאר גָאט שְׁטֶענְדִיג:

5 אוּנְד דוּא זָאלְסְט נֶעמֶען זֶעמֶעל־מֶעהְל, אוּנְד דוּא זָאלְסְט דֶערְפוּן בַּאקֶען צְװֶעלְף חַלּוֹת, צְװֵייא צֶעהְנְטֶעל זָאל זַיין אֵיין חַלָּה: 6 אוּנְד דוּא זָאלְסְט זֵייא טְהוּן צְװֵייא אִין שׁוּרוֹת, זֶעקְס אִין אֵיין שׁוּרָה, אוֹיף דֶעם רֵיינֶעם טִישׁ פַאר גָאט: 7 אוּנְד דוּא זָאלְסְט גֶעבֶּען אוֹיף דִיא שׁוּרָה רֵיינֶעם װֵייהְרוֹיךְ, אוּנְד עֶס זָאל זַיין צוּ דֶעם בְּרוֹיט פַאר אַ גֶעדֶעכְטְנִיס, אַ פֵייעֶר־אָפְּפֶער צוּ גָאט: 8 אִין דֶעם טָאג פוּן שַׁבָּת זָאל עֶר עֶס אָנְרִיכְטֶען פַאר גָאט שְׁטֶענְדִיג, עֶס אִיז אֵיין אֵייבִּיגֶער בְּרִית, פוּן דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל: 9 אוּנְד עֶס זָאל זַיין פַאר אַהֲרֹן אוּנְד פַאר זֵיינֶע זִיהְן, אוּנְד זֵייא זָאלֶען עֶס עֶסֶען אִין דֶעם הֵיילִיגֶען אָרְט, װָארִין דָאס אִיז גַאנְץ הֵיילִיג צוּ אִיהְם פוּן דִיא פֵייעֶר־אָפְּפֶער פוּן גָאט, עֶס אִיז אֵיין אֵייבִּיגֶעס גֶעזֶעץ: 10 אוּנְד עֶס אִיז אַרוֹיסגֶעגַאנְגֶען דֶער זוּהְן פוּן אַ װַייבּ, אַ יִשְׂרְאֵלִית, אוּנְד עֶר אִיז גֶעװֶעזֶען דֶער זוּהְן פוּן אַ מַאן אַ מִצְרִי, צְװִישֶׁען דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זִיךְ גֶעקְרִיגְט אִין דֶער מַחֲנֶה,

בֶּן הַיִּשְׂרְאֵלִית וְאִישׁ הַיִּשְׂרְאֵלִי׃ וַיִּקֹּב בֶּן־הָאִשָּׁה 11
הַיִּשְׂרְאֵלִית אֶת־הַשֵּׁם וַיְקַלֵּל וַיָּבִיאוּ אֹתוֹ אֶל־מֹשֶׁה וְשֵׁם
אִמּוֹ שְׁלֹמִית בַּת־דִּבְרִי לְמַטֵּה־דָן׃ וַיַּנִּיחֻהוּ בַּמִּשְׁמָר 12
לִפְרֹשׁ לָהֶם עַל־פִּי יְהוָה׃ פ
וַיְדַבֵּר יְהוָה אֶל־מֹשֶׁה לֵּאמֹר׃ הוֹצֵא אֶת־הַמְקַלֵּל אֶל־ 13 14
מִחוּץ לַמַּחֲנֶה וְסָמְכוּ כָל־הַשֹּׁמְעִים אֶת־יְדֵיהֶם עַל־רֹאשׁוֹ
וְרָגְמוּ אֹתוֹ כָּל־הָעֵדָה׃ וְאֶל־בְּנֵי יִשְׂרָאֵל תְּדַבֵּר לֵאמֹר טו
אִישׁ אִישׁ כִּי־יְקַלֵּל אֱלֹהָיו וְנָשָׂא חֶטְאוֹ׃ וְנֹקֵב שֵׁם־יְהוָה 16
מוֹת יוּמָת רָגוֹם יִרְגְּמוּ־בוֹ כָּל־הָעֵדָה כַּגֵּר כָּאֶזְרָח בְּנָקְבוֹ
שֵׁם יוּמָת׃ וְאִישׁ כִּי יַכֶּה כָּל־נֶפֶשׁ אָדָם מוֹת יוּמָת׃ וּמַכֵּה 17 18
נֶפֶשׁ־בְּהֵמָה יְשַׁלְּמֶנָּה נֶפֶשׁ תַּחַת נָפֶשׁ׃ וְאִישׁ כִּי־יִתֵּן 19
מוּם בַּעֲמִיתוֹ כַּאֲשֶׁר עָשָׂה כֵּן יֵעָשֶׂה לּוֹ׃ שֶׁבֶר תַּחַת כ
שֶׁבֶר עַיִן תַּחַת עַיִן שֵׁן תַּחַת שֵׁן כַּאֲשֶׁר יִתֵּן מוּם בָּאָדָם
כֵּן יִנָּתֶן בּוֹ׃ וּמַכֵּה בְהֵמָה יְשַׁלְּמֶנָּה וּמַכֵּה אָדָם יוּמָת׃ 21
מִשְׁפַּט אֶחָד יִהְיֶה לָכֶם כַּגֵּר כָּאֶזְרָח יִהְיֶה כִּי אֲנִי 22
יְהוָה אֱלֹהֵיכֶם׃ וַיְדַבֵּר מֹשֶׁה אֶל־בְּנֵי יִשְׂרָאֵל וַיּוֹצִיאוּ 23
אֶת־הַמְקַלֵּל אֶל־מִחוּץ לַמַּחֲנֶה וַיִּרְגְּמוּ אֹתוֹ אָבֶן וּבְנֵי־
יִשְׂרָאֵל עָשׂוּ כַּאֲשֶׁר צִוָּה יְהוָה אֶת־מֹשֶׁה׃

כה

כה

פ פ פ לב

וַיְדַבֵּר יְהוָה אֶל־מֹשֶׁה בְּהַר סִינַי לֵאמֹר׃ דַּבֵּר אֶל־בְּנֵי א 2
יִשְׂרָאֵל וְאָמַרְתָּ אֲלֵהֶם כִּי תָבֹאוּ אֶל־הָאָרֶץ אֲשֶׁר אֲנִי
נֹתֵן לָכֶם וְשָׁבְתָה הָאָרֶץ שַׁבָּת לַיהוָה׃ שֵׁשׁ שָׁנִים תִּזְרַע 3
שָׂדֶךָ וְשֵׁשׁ שָׁנִים תִּזְמֹר כַּרְמֶךָ וְאָסַפְתָּ אֶת־תְּבוּאָתָהּ׃
וּבַשָּׁנָה הַשְּׁבִיעִת שַׁבַּת שַׁבָּתוֹן יִהְיֶה לָאָרֶץ שַׁבָּת לַיהוָה 4
שָׂדְךָ לֹא תִזְרָע וְכַרְמְךָ לֹא תִזְמֹר׃ אֵת סְפִיחַ קְצִירְךָ ה
לֹא תִקְצוֹר וְאֶת־עִנְּבֵי נְזִירֶךָ לֹא תִבְצֹר שְׁנַת שַׁבָּתוֹן יִהְיֶה

דער זוהן פון אַ ישׂראלית, אונד אַ מאַן
אַ ישׂראלי: 11 אונד דער זוהן פון דיא
אשה ישׂראלית האָט געשאָלטען דעם
שם אונד האָט געפלוכט, אונד זייא האָ־
בען איהם געבּרענגט צו משה, אונד דער
נאָמען פון זיינע מוטער איז געוועזען
שלמית, דיא טאָכטער פון דברי פון
שבט דן: 12 אונד זייא האָבען איהם
אַריינגעזעצט אין געפענגניס, ביז מען
וועט זייא געבען אַ קלאָרע אַנטוואָרט,
נאָך דעם וואָרט פון גאָט:
13 אונד גאָט האָט גערעט צו משה אַזוי
צו זאָגען: 14 ברענג אַרוי׳ס דעם לעס־
טערער אויסעוועניג פון דער מחנה, אונד
אַלע וואָס האָבען געהערט זאָלען אַרויף
לייגען זייערע הענד אויף זיין קאָפּ, אונד
דיא גאַנצע געמיינדע זאָל איהם שטייני־
גען: 15 אונד צו דיא קינדער ישׂראל
זאָלסט דוא רעדען אַזוי צו זאָגען,
איטליכער מאַן וואָס וועט שעלטען זיין
גאָט, דער זאָל טראָגען זיינע זינד:
16 אונד דער וואָס לעסטערט גאָט׳ס
נאָמען, זאָל געווים געטייט ווערען, דיא
גאַנצע געמיינדע זאָל איהם שטייניגען,
גלייך וויא דער פרעמדער אַזוי אויך דער
איינגעבוירענער, ווען ער וועט לעסטערען דעם שם זאָל געטייטעט ווערען: 17 אונד
ווען אַ מאַן וועט דערשלאָגען אַ מענשליכעם לייב, ער זאָל געווים געטייטעט ווערען:
18 אונד דער וואָס דערשלאָגט דאָס לייב פון אַ בהמה זאָל ער בּאַצאָלען, אַ נפש
פאַר אַ נפש: 19 ווען אַ מענש וועט מאַכען אַ מום אָן זיין חבר, גלייך וויא ער האָט
געטהון, אַזוי זאָל עס צו איהם געטהון ווערען: 20 געבּרעך פאַר געבּרעך, אויג פאַר
אויג, אַ צאָהן פאַר אַ צאָהן, גלייך וויא דער מום וואָס ער האָט געטהון אָן דעם
מענש, אַזוי זאָל עס געטהון ווערען אָן איהם: 21 אונד דער וואָס דערשלאָגט אַ
בהמה זאָל בּאַצאָלען, אונד דער וואָס דערשלאָגט אַ מענש זאָל געטייטעט ווערען:
22 עס זאָל צו אייך זיין איין געריכט, דער פרעמדער זאָל זיין גלייך וויא דער איינ־
געבוירענער, וואָרין איך בּין דער האַר אייער גאָט: 23 אונד משה האָט גערעט צו
דיא קינדער ישׂראל, אונד זייא האָבען אַרויסגעבּרענגט דעם פלוכער אויסענוועניג פון
דער מחנה, אונד זייא האָבען איהם געשטייניגט מיט שטיינער, אונד דיא קינדער
ישׂראל האָבען געטהון אַזוי וויא גאָט האָט געבאָטען משה:

## בהר

## קאפיטעל כה

1 אונד גאָט האָט גערעט צו משה אויף דעם בּאַרג סיני אַזוי צו זאָגען:
2 רעד צו דיא קינדער ישׂראל, אונד דוא זאָלסט צו זייא זאָגען, ווען איהר
וועט אַריינקומען אין דעם לאַנד וואָס איך גיב צו אייך, אַזוי זאָל דאָס
לאַנד רוהען אַ שבּת צו גאָט: 3 זעקס יאָהר זאָלסט דוא דיין פעלד זייען,
אונד זעקס יאָהר זאָלסט דוא שניידען דיין וויינגאָרטען, אונד דוא זאָלסט איינ־
זאַמלען איהרע תבואה: 4 אָבּער אין דעם זיבּטען יאָהר זאָל זיין אַ שבּת פון
רוהונג צו דעם לאַנד, אַ שבּת צו גאָט, דיין פעלד זאָלסט דוא ניט זייען אונד
דיין וויינגאָרטען זאָלסט דוא ניט שניידען: 5 דאָס ווידער־וואַקסונג פון דיין
שניט זאָלסט דוא ניט אָפּשניידען, אונד דיא טרויבען פון דיינע אָפּשיי־
דונג זאָלסט דוא ניט איינזאַמלען, עס זאָל זיין איין יאָהר פון רוהונג
צו

6 לָאָרֶץ׃ וְהָיְתָה שַׁבַּת הָאָרֶץ לָכֶם לְאָכְלָה לְךָ וּלְעַבְדְּךָ
7 וְלַאֲמָתֶךָ וְלִשְׂכִירְךָ וּלְתוֹשָׁבְךָ הַגָּרִים עִמָּךְ׃ וְלִבְהֶמְתְּךָ
וְלַחַיָּה אֲשֶׁר בְּאַרְצֶךָ תִּהְיֶה כָל־תְּבוּאָתָהּ לֶאֱכֹל׃ ס
8 וְסָפַרְתָּ לְךָ שֶׁבַע שַׁבְּתֹת שָׁנִים שֶׁבַע שָׁנִים שֶׁבַע פְּעָמִים
וְהָיוּ לְךָ יְמֵי שֶׁבַע שַׁבְּתֹת הַשָּׁנִים תֵּשַׁע וְאַרְבָּעִים שָׁנָה׃
9 וְהַעֲבַרְתָּ שׁוֹפַר תְּרוּעָה בַּחֹדֶשׁ הַשְּׁבִעִי בֶּעָשׂוֹר לַחֹדֶשׁ
י בְּיוֹם הַכִּפֻּרִים תַּעֲבִירוּ שׁוֹפָר בְּכָל־אַרְצְכֶם׃ וְקִדַּשְׁתֶּם
אֵת שְׁנַת הַחֲמִשִּׁים שָׁנָה וּקְרָאתֶם דְּרוֹר בָּאָרֶץ לְכָל־
יֹשְׁבֶיהָ יוֹבֵל הִוא תִּהְיֶה לָכֶם וְשַׁבְתֶּם אִישׁ אֶל־אֲחֻזָּתוֹ
11 וְאִישׁ אֶל־מִשְׁפַּחְתּוֹ תָּשֻׁבוּ׃ יוֹבֵל הִוא שְׁנַת הַחֲמִשִּׁים
שָׁנָה תִּהְיֶה לָכֶם לֹא תִזְרָעוּ וְלֹא תִקְצְרוּ אֶת־סְפִיחֶיהָ
12 וְלֹא תִבְצְרוּ אֶת־נְזִרֶיהָ׃ כִּי יוֹבֵל הִוא קֹדֶשׁ תִּהְיֶה לָכֶם
13 מִן־הַשָּׂדֶה תֹּאכְלוּ אֶת־תְּבוּאָתָהּ׃ בִּשְׁנַת הַיּוֹבֵל הַזֹּאת
14 תָּשֻׁבוּ אִישׁ אֶל־אֲחֻזָּתוֹ׃ וְכִי־תִמְכְּרוּ מִמְכָּר לַעֲמִיתֶךָ
טו אוֹ קָנֹה מִיַּד עֲמִיתֶךָ אַל־תּוֹנוּ אִישׁ אֶת־אָחִיו׃ בְּמִסְפַּר
שָׁנִים אַחַר הַיּוֹבֵל תִּקְנֶה מֵאֵת עֲמִיתֶךָ בְּמִסְפַּר שְׁנֵי־
16 תְבוּאֹת יִמְכָּר־לָךְ׃ לְפִי ׀ רֹב הַשָּׁנִים תַּרְבֶּה מִקְנָתוֹ וּלְפִי
מְעֹט הַשָּׁנִים תַּמְעִיט מִקְנָתוֹ כִּי מִסְפַּר תְּבוּאֹת הוּא
17 מֹכֵר לָךְ׃ וְלֹא תוֹנוּ אִישׁ אֶת־עֲמִיתוֹ וְיָרֵאתָ מֵאֱלֹהֶיךָ כִּי
18 אֲנִי יְהוָה אֱלֹהֵיכֶם׃ וַעֲשִׂיתֶם אֶת־חֻקֹּתַי וְאֶת־מִשְׁפָּטַי
19 תִּשְׁמְרוּ וַעֲשִׂיתֶם אֹתָם וִישַׁבְתֶּם עַל־הָאָרֶץ לָבֶטַח׃ וְנָתְנָה
הָאָרֶץ פִּרְיָהּ וַאֲכַלְתֶּם לָשֹׂבַע וִישַׁבְתֶּם לָבֶטַח עָלֶיהָ׃
כ וְכִי תֹאמְרוּ מַה־נֹּאכַל בַּשָּׁנָה הַשְּׁבִיעִת הֵן לֹא נִזְרָע
21 וְלֹא נֶאֱסֹף אֶת־תְּבוּאָתֵנוּ׃ וְצִוִּיתִי אֶת־בִּרְכָתִי לָכֶם
בַּשָּׁנָה הַשִּׁשִּׁית וְעָשָׂת אֶת־הַתְּבוּאָה לִשְׁלֹשׁ הַשָּׁנִים׃
22 וּזְרַעְתֶּם אֵת הַשָּׁנָה הַשְּׁמִינִת וַאֲכַלְתֶּם מִן־הַתְּבוּאָה יָשָׁן
עַד ׀ הַשָּׁנָה הַתְּשִׁיעִת עַד־בּוֹא תְּבוּאָתָהּ תֹּאכְלוּ יָשָׁן׃

צוּ דֶעם לַאנְד׃ 6 אוּנְד (דִיא תְּבוּאָה) פוּן דֶעם שַׁבָּת פוּן דֶעם לַאנְד זָאל זַיין פַאר אַייךְ צוּ שְׁפַּייז, פַאר דִיר אוּנְד פַאר דַיין קְנֶעכְט אוּנְד פַאר דַיינֶע דִינְסְטמוֹיד אוּנְד פַאר דַיין גֶעדוּנְגֶענֶעם אוּנְד פַאר דַיין אֵיינְווָאוֹינֶער, וָואס ווְאוֹינֶען בַּייא דִיר׃ 7 אוּנְד פַאר דַיינֶע בְּהֵמוֹת אוּנְד פַאר דַיינֶע חַיוֹת וָואס זֶענֶען אִין דַיין לַאנְד, זָאל זַיין אִיהְרֶע גַאנְצֶע תְּבוּאָה צוּ עֶסֶען׃ 8 אוּנְד דוּא זָאלְסְט צֵיילֶען צוּ דִיר זִיבֶּען שְׁמִיטוֹת פוּן יָאהְרֶען, זִיבֶּען יָאהְר זִיבֶּען מָאל, אוּנְד דִיא טֶעג פוּן דִיא זִיבֶּען שְׁמִיטוֹת פוּן יָאהְרֶען זָאלֶען זַיין צוּ דִיר נַיין אוּנְד פֶערְצִיג יָאהְר׃ 9 אוּנְד דוּא זָאלְסְט לָאזֶען אוֹיסְרוּפֶען מִיט דֶעם שׁוֹפָר פוּן שַׁאלוּנְג (תְּרוּעָה) אִין דֶעם זִיבְּטֶען חֹדֶשׁ, אִין דֶעם צֶענְטֶען פוּן דֶעם חֹדֶשׁ, אִין דֶעם יוֹם הַכִּפֻּרִים זָאלְט אִיהְר לָאזֶען אוֹיסְרוּפֶען מִיט אַ שׁוֹפָר דוּרְךְ אֵייעֶר גַאנְצֶעם לַאנְד׃ 10 אוּנְד אִיהְר זָאלְט הֵיילִיגֶען דָאס גַאנְצֶע פוּפְצִיגְסְטֶע יָאהְר, אוּנְד אִיהְר זָאלְט אוֹיסְרוּפֶען בֶּעפְרֵייאוּנְג אִין דֶעם לַאנְד צוּ אַלֶע זַיינֶע אֵיינְווָאוֹינֶער, דָאס זָאל זַיין אַ יוֹבֵל צוּ אַייךְ, אוּנְד אִיהְר זָאלְט צוּרִיקְקֶעהְרֶען אִיטְלִיכֶער צוּ זַיין בֶּעזִיץ, אוּנְד אִיטְלִיכֶער צוּ זַיין גֶעשְׁלֶעכְט זָאלְט אִיהְר צוּרִיקְקֶעהְרֶען׃ 11 דָאס גַאנְצֶע פוּפְצִיגְסְטֶע יָאהְר זָאל זַיין בַּייא אַייךְ יוֹבֵל, אִיהְר זָאלְט נִיט זֵייעֶן אוּנְד נִיט שְׁנֵיידֶען זַיינֶע ווִידֶערְוַואקְסוּנְג, אוּנְד אִיהְר זָאלְט נִיט זַאמֶלֶען זַיינֶע אוּמְגֶעשְׁנִיטֶענֶע טְרוֹיבֶּען׃ 12 וָוארִין עֶס אִיז יוֹבֵל, עֶס זָאל זַיין הֵיילִיג צוּ אַייךְ, פוּן דֶעם פֶעלְד מֶעגְט אִיהְר עֶסֶען זַיינֶע תְּבוּאָה׃ 13 אִין דֶעם דָאזִיגֶען יוֹבֵל יָאהְר זָאלְט אִיהְר צוּרִיקְקֶעהְרֶען אִיטְלִיכֶער צוּ זַיין בֶּעזִיץ׃ 14 אוּנְד וֶוען אִיהְר וֶועט פֶערְקוֹיפֶען אַ פֶערְקוֹיפוּנְג צוּ דַיין גֶעזֶעלֶען אָדֶער דוּא וֶועסְט קוֹיפֶען פוּן דִיא הַאנְד פוּן דַיין גֶעזֶעלֶען, זָאלְט אִיהְר נִיט נַארֶען אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערֶען׃ 15 נָאךְ דִיא צָאהְל נָאךְ פוּן דִיא יָאהְרֶען פוּן תְּבוּאוֹת, זָאל עֶר צוּ דִיר פֶערְקוֹיפֶען׃ 16 נָאךְ דִיא פִילְהֵייט נָאךְ פוּן דִיא יָאהְרֶען זָאלְסְט דוּא מֶעהְרֶען זַיין קוֹיף גֶעלְד, אוּנְד נָאךְ דִיא וֵוינִיגְקֵייט נָאךְ פוּן דִיא יָאהְרֶען זָאלְסְט דוּא מִינְדֶערֶען זַיין קוֹיף גֶעלְד, וָוארִין נָאךְ דִיא צָאל פוּן דִיא יָאהְרֶען פֶערְקוֹיפְט עֶר צוּ דִיר׃ 17 אוּנְד אִיהְר זָאלְט נִיט נַארֶען אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערֶען, אָבֶּער דוּא זָאלְסְט דִיךְ פַארְכְטֶען פַאר דַיין גָאט, וָוארִין אִיךְ בִּין דֶער הַאר אֵייעֶר גָאט׃ 18 אוּנְד אִיהְר זָאלְט טְהוּן מַיינֶע גֶעזֶעצֶע, אוּנְד אִיהְר זָאלְט הִיטֶען מַיינֶע מִשְׁפָּטִים, אוּנְד אִיהְר זָאלְט זֵייא טְהוּן, אַז אִיהְר זָאלְט ווְאוֹינֶען אִין דֶעם לַאנְד אִין זִיכֶערְהֵייט׃ 19 אוּנְד דָאס לַאנְד וֶועט גֶעבֶּען זַיינֶע פְרוּכְט, אוּנְד אִיהְר וֶועט עֶסֶען צוּר זֶעטִיגְקֵייט, אוּנְד אִיהְר זָאלְט דַארוֹיף ווְאוֹינֶען אִין זִיכֶערְהֵייט׃ 20 אוּנְד וֶוען אִיהְר וֶועט זָאגֶען, וָואס וֶועלֶען מִיר עֶסֶען אִין דֶעם זִיבֶּעטֶען יָאהְר? זֶעהְט, מִיר וֶועלֶען נִיט זֵייעֶן, אוּנְד נִיט אֵיינְזַאמֶלֶען אוּנְזֶערֶע תְּבוּאָה׃ 21 אַזוֹי וֶועל אִיךְ גֶעבִּיטֶען מַיינֶע בְּרָכָה צוּ אַייךְ אִין דֶעם זֶעקְסְטֶען יָאהְר, אוּנְד עֶס וֶועט לָאזֶען וַואקְסֶען תְּבוּאָה פַאר דְרֵייא יָאהְר׃ 22 אוּנְד אִיהְר זָאלְט זֵייעֶן אִין דֶעם אַכְטֶען יָאהְר, אוּנְד אִיהְר זָאלְט עֶסֶען פוּן דִיא אַלְטֶע תְּבוּאָה בִּיז צוּ דֶעם נֵיינְטֶען יָאהְר, בִּיז אִיהְר תְּבוּאָה וֶועט אָנְקוּמֶען זָאלְט אִיהְר דָאס אַלְטֶע עֶסֶען׃

אוּנְד

וְהָאָרֶץ לֹא תִמָּכֵר לִצְמִתֻת כִּי־לִי הָאָרֶץ כִּי־גֵרִים 23
וְתוֹשָׁבִים אַתֶּם עִמָּדִי׃ וּבְכֹל אֶרֶץ אֲחֻזַּתְכֶם גְּאֻלָּה תִּתְּנוּ 24
לָאָרֶץ׃ ס כִּי־יָמוּךְ אָחִיךָ וּמָכַר מֵאֲחֻזָּתוֹ וּבָא גֹאֲלוֹ כה
הַקָּרֹב אֵלָיו וְגָאַל אֵת מִמְכַּר אָחִיו׃ וְאִישׁ כִּי לֹא יִהְיֶה 26
לּוֹ גֹּאֵל וְהִשִּׂיגָה יָדוֹ וּמָצָא כְּדֵי גְאֻלָּתוֹ׃ וְחִשַּׁב אֶת־ 27
שְׁנֵי מִמְכָּרוֹ וְהֵשִׁיב אֶת־הָעֹדֵף לָאִישׁ אֲשֶׁר מָכַר־לוֹ
וְשָׁב לַאֲחֻזָּתוֹ׃ וְאִם לֹא־מָצְאָה יָדוֹ דֵּי הָשִׁיב לוֹ וְהָיָה 28
מִמְכָּרוֹ בְּיַד הַקֹּנֶה אֹתוֹ עַד שְׁנַת הַיּוֹבֵל וְיָצָא בַּיֹּבֵל וְשָׁב
לַאֲחֻזָּתוֹ׃ ס וְאִישׁ כִּי־יִמְכֹּר בֵּית־מוֹשַׁב עִיר חוֹמָה 29
וְהָיְתָה גְּאֻלָּתוֹ עַד־תֹּם שְׁנַת מִמְכָּרוֹ יָמִים תִּהְיֶה גְאֻלָּתוֹ׃
וְאִם לֹא־יִגָּאֵל עַד־מְלֹאת לוֹ שָׁנָה תְמִימָה וְקָם הַבַּיִת ל
אֲשֶׁר־בָּעִיר אֲשֶׁר־לֹא חֹמָה לַצְּמִיתֻת לַקֹּנֶה אֹתוֹ לְדֹרֹתָיו
לֹא יֵצֵא בַּיֹּבֵל׃ וּבָתֵּי הַחֲצֵרִים אֲשֶׁר אֵין־לָהֶם חֹמָה 31
סָבִיב עַל־שְׂדֵה הָאָרֶץ יֵחָשֵׁב גְּאֻלָּה תִּהְיֶה־לּוֹ וּבַיֹּבֵל
יֵצֵא׃ וְעָרֵי הַלְוִיִּם בָּתֵּי עָרֵי אֲחֻזָּתָם גְּאֻלַּת עוֹלָם תִּהְיֶה 32
לַלְוִיִּם׃ וַאֲשֶׁר יִגְאַל מִן־הַלְוִיִּם וְיָצָא מִמְכַּר־בַּיִת וְעִיר 33
אֲחֻזָּתוֹ בַּיֹּבֵל כִּי בָתֵּי עָרֵי הַלְוִיִּם הִוא אֲחֻזָּתָם בְּתוֹךְ
בְּנֵי יִשְׂרָאֵל׃ וּשְׂדֵה מִגְרַשׁ עָרֵיהֶם לֹא יִמָּכֵר כִּי־אֲחֻזַּת 34
עוֹלָם הוּא לָהֶם׃ ס וְכִי־יָמוּךְ אָחִיךָ וּמָטָה יָדוֹ עִמָּךְ לה
וְהֶחֱזַקְתָּ בּוֹ גֵּר וְתוֹשָׁב וָחַי עִמָּךְ׃ אַל־תִּקַּח מֵאִתּוֹ נֶשֶׁךְ 36
וְתַרְבִּית וְיָרֵאתָ מֵאֱלֹהֶיךָ וְחֵי אָחִיךָ עִמָּךְ׃ אֶת־כַּסְפְּךָ 37
לֹא־תִתֵּן לוֹ בְּנֶשֶׁךְ וּבְמַרְבִּית לֹא־תִתֵּן אָכְלֶךָ׃ אֲנִי יְהוָה 38
אֱלֹהֵיכֶם אֲשֶׁר־הוֹצֵאתִי אֶתְכֶם מֵאֶרֶץ מִצְרָיִם לָתֵת לָכֶם
אֶת־אֶרֶץ כְּנַעַן לִהְיוֹת לָכֶם לֵאלֹהִים׃ ס וְכִי־יָמוּךְ 39
אָחִיךָ עִמָּךְ וְנִמְכַּר־לָךְ לֹא־תַעֲבֹד בּוֹ עֲבֹדַת עָבֶד׃
כְּשָׂכִיר כְּתוֹשָׁב יִהְיֶה עִמָּךְ עַד־שְׁנַת הַיֹּבֵל יַעֲבֹד עִמָּךְ׃ מ
וְיָצָא מֵעִמָּךְ הוּא וּבָנָיו עִמּוֹ וְשָׁב אֶל־מִשְׁפַּחְתּוֹ וְאֶל־ 41

23 אונד דאָס לאַנד זאָל ניט פערקויפט ווערען אויף אייביג, וואָרין דאָס לאַנד איז מיין, וואָרין איהר זענט גרים אונד איינוואוינער ביא מיר: 24 אונד אין דעם גאַנצען לאַנד פון אייער בעזיץ זאָלט איהר געבען איינע דערלייזונג צו דעם לאַנד: 25 ווען דיין ברודער ווערט פעראָרעמט ווערען, אונד ער ווערט פערקויפען פון זיין בעזיץ, אַזוי זאָל זיין גואל קומען דער נאָהנטער פריינד פון איהם, אונד ער זאָל אויסלייזען דיא פערקויפונג פון זיין ברודער: 26 אונד ווען אַ מאַן ווערט ניט האָבען קיין גואל, אונד זיינע האַנד ווערט גערייכען אונד ער ווערט געפינען גענוג עס אויסצולייזען: 27 אַזוי זאָל ער ציילען דיא יאָהרען פון זיינע פערקויפונג, אונד ער זאָל צוריק געבען דאָס איבריגע צו דעם מאַן וואָס ער האָט צו איהם פערקויפט, אונד ער זאָל צוריק קעהרען צו זיין בעזיץ: 28 אָבער ווען זיינע האַנד האָט ניט געפונען גענוג איהם צוריק צו קעהרען, אַזוי זאָל זיינע פערקויפונג זיין אין דיא האַנד פון דעם וואָס האָט עס געקויפט ביז צו דעם יובל יאָהר, אונד עס זאָל אַרויסגיין אין דעם יובל אונד ער זאָל צוריק קעהרען צו זיין בעזיץ: 29 אונד ווען אַ מאַן ווערט פערקויפען אַ וואוינהויז אין אַ שטאָט מיט אַ מויער, אַזוי זאָל זיינע אויסלייזונג זיין ביז דאָס יאָהר פון זיינע פערקויפונג לאָזט זיך אויס, אַ גאַנצעס יאָהר זאָל זיינע אויסלייזונג זיין: 30 אונד ווען עס ווערט ניט אויסגעלייזט ווערען ביז זיין גאַנצעס יאָהר האָט זיך אויסגעלאָזט, אַזוי זאָל דאָס הויז בעשטעטיגט ווערען, וואָס איז אין דער שטאָט וואָס האָט אַ מויער, אויף אייביג צו דעם וואָס האָט עס געקויפט, צו זיינע געשלעכטער, עס זאָל ניט אַרויס גיין אין דעם יובל: 31 אָבער דיא הייזער פון דיא דערפער וואָס האָבען ניט קיינע מויער רינגס אַרום זאָלען גערעכענט ווערען פאַר דאָס פעלד פון דעם לאַנד, עס זאָל זיין איינע אויסלייזונג צו איהם, אונד אין דעם יובל זאָל עס אַרויס גיין: 32 אָבער דיא שטעט פון דיא לוים דיא הייזער פון דיא שטעט פון זייער בעזיץ, זאָל זיין איינע עביגע אויסלייזונג צו דיא לוים: 33 אונד ווען איינער ווערט קויפען פון דיא לוים, אַזוי זאָל דיא פערקויפונג פון דעם הויז, אונד דיא שטאָט פון זיין בעזיץ אַרויסגיין אין דעם יובל, וואָרין דיא הייזער פון דיא שטעט פון דיא לוים איז זייער בעזיץ צווישען דיא קינדער ישראל: 34 אונד דאָס פעלד פון זייערע שטעט זאָל ניט פערקויפט ווערען, וואָרין עס איז איין עביגער בעזיץ צו זייא: 35 אונד ווען דיין ברודער ווערט פעראָרעמט ווערען, אונד זיינע האַנד ווערט שוואַך ווערען ביא דיר, אַזוי זאָלסט דוא איהם שטערקען, אַ גר אָדער איין איינוואוינער, אַז ער זאָל לעבען ביא דיר: 36 דוא זאָלסט ניט נעמען פון איהם נשך אָדער מעהרונג, אונד דוא זאָלסט דיך פאָרכטען פאַר דיין גאָט, אַז דיין ברודער זאָל לעבען ביא דיר: 37 דיין געלד זאָלסט דוא ניט געבען צו איהם אויף נשך, אונד דוא זאָלסט ניט געבען דיינע שפּייז אויף מעהרונג: 38 איך בין דער האַר אייער גאָט וואָס האָט אייך אַרויסגעבראַכט אויס דעם לאַנד מצרים, צו אייך צו געבען דאָס לאַנד כנען, צו זיין צו אייך אַ גאָט: 39 אונד ווען דיין ברודער ווערט פעראָרעמט ווערען ביא דיר, אונד ווערט זיך פערקויפען צו דיר, זאָלסט דוא ניט מיט איהם אַרבייטען דעם דינסט פון אַ קנעכט: 40 אַזוי וויא אַ געדונגענער, אונד אַזוי וויא איין איינוואוינער זאָל ער זיין ביא דיר, ביז צו דעם יובל יאָהר זאָל ער ביא דיר דינען: 41 אונד ער זאָל אַרויסגיין פון דיר, ער אונד זיינע קינדער מיט איהם אונד ער זאָל צוריקקעהרען צו זיין געשלעכט, אונד צו

42 אֲחֻזַּת אֲבֹתָיו יָשׁוּב: כִּי־עֲבָדַי הֵם אֲשֶׁר־הוֹצֵאתִי אֹתָם
43 מֵאֶרֶץ מִצְרָיִם לֹא יִמָּכְרוּ מִמְכֶּרֶת עָבֶד: לֹא־תִרְדֶּה בוֹ
44 בְּפָרֶךְ וְיָרֵאתָ מֵאֱלֹהֶיךָ: וְעַבְדְּךָ וַאֲמָתְךָ אֲשֶׁר יִהְיוּ־לָךְ
מֵאֵת הַגּוֹיִם אֲשֶׁר סְבִיבֹתֵיכֶם מֵהֶם תִּקְנוּ עֶבֶד וְאָמָה:
מה וְגַם מִבְּנֵי הַתּוֹשָׁבִים הַגָּרִים עִמָּכֶם מֵהֶם תִּקְנוּ וּמִמִּשְׁפַּחְתָּם
אֲשֶׁר עִמָּכֶם אֲשֶׁר הוֹלִידוּ בְּאַרְצְכֶם וְהָיוּ לָכֶם לַאֲחֻזָּה:
46 וְהִתְנַחַלְתֶּם אֹתָם לִבְנֵיכֶם אַחֲרֵיכֶם לָרֶשֶׁת אֲחֻזָּה לְעֹלָם
בָּהֶם תַּעֲבֹדוּ וּבְאַחֵיכֶם בְּנֵי־יִשְׂרָאֵל אִישׁ בְּאָחִיו לֹא־
47 תִרְדֶּה בוֹ בְּפָרֶךְ: ס וְכִי תַשִּׂיג יַד גֵּר וְתוֹשָׁב עִמָּךְ
וּמָךְ אָחִיךָ עִמּוֹ וְנִמְכַּר לְגֵר תּוֹשָׁב עִמָּךְ אוֹ לְעֵקֶר
48 מִשְׁפַּחַת גֵּר: אַחֲרֵי נִמְכַּר גְּאֻלָּה תִּהְיֶה־לּוֹ אֶחָד מֵאֶחָיו
49 יִגְאָלֶנּוּ: אוֹ־דֹדוֹ אוֹ בֶן־דֹּדוֹ יִגְאָלֶנּוּ אוֹ־מִשְּׁאֵר בְּשָׂרוֹ
נ מִמִּשְׁפַּחְתּוֹ יִגְאָלֶנּוּ אוֹ־הִשִּׂיגָה יָדוֹ וְנִגְאָל: וְחִשַּׁב עִם־
קֹנֵהוּ מִשְּׁנַת הִמָּכְרוֹ לוֹ עַד שְׁנַת הַיֹּבֵל וְהָיָה כֶּסֶף מִמְכָּרוֹ
51 בְּמִסְפַּר שָׁנִים כִּימֵי שָׂכִיר יִהְיֶה עִמּוֹ: אִם־עוֹד רַבּוֹת
52 בַּשָּׁנִים לְפִיהֶן יָשִׁיב גְּאֻלָּתוֹ מִכֶּסֶף מִקְנָתוֹ: וְאִם־מְעַט
נִשְׁאַר בַּשָּׁנִים עַד־שְׁנַת הַיֹּבֵל וְחִשַּׁב־לוֹ כְּפִי שָׁנָיו יָשִׁיב
53 אֶת־גְּאֻלָּתוֹ: כִּשְׂכִיר שָׁנָה בְּשָׁנָה יִהְיֶה עִמּוֹ לֹא־יִרְדֶּנּוּ
54 בְּפֶרֶךְ לְעֵינֶיךָ: וְאִם־לֹא יִגָּאֵל בְּאֵלֶּה וְיָצָא בִּשְׁנַת הַיֹּבֵל
נה הוּא וּבָנָיו עִמּוֹ: כִּי־לִי בְנֵי־יִשְׂרָאֵל עֲבָדִים עֲבָדַי הֵם
אֲשֶׁר־הוֹצֵאתִי אוֹתָם מֵאֶרֶץ מִצְרָיִם אֲנִי יְהוָה אֱלֹהֵיכֶם:

כו

א לֹא־תַעֲשׂוּ לָכֶם אֱלִילִם וּפֶסֶל וּמַצֵּבָה לֹא־תָקִימוּ לָכֶם
וְאֶבֶן מַשְׂכִּית לֹא תִתְּנוּ בְּאַרְצְכֶם לְהִשְׁתַּחֲוֹת עָלֶיהָ כִּי
2 אֲנִי יְהוָה אֱלֹהֵיכֶם: אֶת־שַׁבְּתֹתַי תִּשְׁמֹרוּ וּמִקְדָּשִׁי תִּירָאוּ
אֲנִי יְהוָה:

פ פ פ לג

3 אִם־בְּחֻקֹּתַי תֵּלֵכוּ וְאֶת־מִצְוֺתַי תִּשְׁמְרוּ וַעֲשִׂיתֶם אֹתָם:

דעם בעזיץ פון זיינע פעטער זאל ער
צוריקקעהרען: 42 וואָרין זייא זענען
מיינע קנעכט, וואס איך האב זייא ארויס־
געבראכט פון דעם לאנד מִצְרַיִם, זייא
זאלען ניט פערקויפט ווערען אזוי וויא
דיא פערקויפונג פון א קנעכט: 43 דוא
זאלסט ניט געוועלטיגען איבער איהם
מיט הארטיגקייט, אונד דוא זאלסט דיך
פארכטען פאר דיין גאט: 44 אונד דיין
קנעכט אונד דיינע דינסט־מויד וואס
וועלען זיין צו דיר, פון דיא פעלקער
וואס זענען אום אייך רינגס־ארום, פון
זייא זאלט איהר קויפען א קנעכט אונד
א דינסט־מויד: 45 אונד אויך פון דיא
זיהן פון דיא איינוואוינער וואס וואוינען
ביא אייך וואס זייא געפינען אין אייער
לאנד, פון זייא מעגט איהר קויפען, אונד
פון זייערע מִשְׁפָּחוֹת וואס זענען מיט אייך,
זייא זאלען צו אייך זיין פאר א בעזיץ:
46 אונד איהר זאלט זייא מאכען ערבען
צו אייערע קינדער נאך אייך, צו ערבען
איין בעזיץ, אייביג זאלט איהר מיט זייא
ארבייטען, אבער אייערע ברידער, דיא
קינדער פון יִשְׂרָאֵל, איינער איבער דעם
אנדערען זאל ניט געוועלטיגען איבער
איהם מיט הארטיגקייט: 47 אונד ווען
עס וועט געררייכען דיא האנד פון א גר אדער פון איין איינוואוינער ביא דיר, אונד
דיין ברודער וועט פעראָרעמט ווערען ביא איהם, אונד ער וועט זיך פערקויפען צו
דעם גר וואס איז איין איינוואוינער ביא דיר, אדער צו דעם וואס קומט ארויס פון
דעם געשלעכט פון א גר: 48 נאכדעם ער האט זיך פערקויפט, זאל זיין איינע
אויסלייזונג צו איהם, איינער פון זיינע ברידער זאל איהם אויסלייזען: 49 ענטוועדער
זיין פעטער אדער דער זוהן פון זיין פעטער זאל איהם אויסלייזען, אדער זיין נאהנ־
טער פריינד פון זיין געשלעכט זאל איהם אויסלייזען, אדער ווען זיינע האנד וועט
גערייכען, אזוי זאל ער זיך אליין אויסלייזען: 50 אונד ער זאל רעכנען מיט זיין
קויפער פון דעם יאהר אן ווען ער האט זיך צו איהם פערקויפט ביז צו דעם יובל
יאהר, אונד דאס געלד פון זיינע פערקויפונג זאל זיין נאך דיא צאל נאך פון דיא
יאהרען, גלייך וויא דיא טעג פון איין געדונגענעם זאל ער ביא איהם זיין: 51 ווען
פילע יאהרען זענען נאך איבריג, אזוי זאל ער צוריק געבען נאך זייער ערך נאך זיינע
אויסלייזונג פון דעם געלד פון זיינע קויפונג: 52 אונד ווען זיינע יאהרען זענען
ווינציג ביז צו דעם יובל־יאהר, אזוי זאל ער צו איהם רעכענען, נאך דעם ערך פון
זיינע יאהרען זאל ער צוריק געבען זיינע אויסלייזונג: 53 גלייך אזוי וויא איין
געדונגענער פון יאהר צו יאהר זאל ער ביא איהם זיין, ער זאל איבער איהם ניט גע־
וועלטיגען מיט הארטיגקייט פאר דיינע אויגען: 54 אונד ווען ער וועט ניט אויסגעלייזט
ווערען אויף אזוי איין ארט, אזוי זאל ער ארויסגיין אין דעם יובל־יאהר ער אונד זיינע קינדער
מיט איהם: 55 וואָרין דיא קינדער יִשְׂרָאֵל זענען קנעכט צו מיר, זייא זענען מיינע קנעכט,
וואס איך האב זייא ארויסגעבראכט אויס דעם לאנד מִצְרַיִם, איך בין דער האר אייער גאט:

קאפיטעל כו

1 איהר זאלט ניט מאכען צו אייך אפגעטער, אונד קיין פסל אונד קיין מצבה זאלט איהר
ניט אויפשטעלען צו אייך, אונד א בילד פון שטיין זאלט איהר ניט מאכען אין אייער לאנד
כדי זיך דערצו צו ביקען, וואָרין איך בין דער האר אייער גאט: 2 מיינע שַׁבָּתִים זאלט
איהר היטען, אונד מיין הייליגטום זאלט איהר פארכטען איך בין דער האר:

בחוקתי

3 ווען איהר וועט נאכגיין אין מיינע געזעץ אונד איהר וועט היטען מיינע מִצְוֹת אונד איהר

וועט

ונתתי גשמיכם בעתם ונתנה הארץ יבולה ועץ השדה 4
יתן פריו: והשיג לכם דיש את־בציר ובציר ישיג את־ ה
זרע ואכלתם לחמכם לשבע וישבתם לבטח בארצכם:
ונתתי שלום בארץ ושכבתם ואין מחריד והשבתי חיה 6
רעה מן־הארץ וחרב לא־תעבר בארצכם: ורדפתם 7
את־איביכם ונפלו לפניכם לחרב: ורדפו מכם חמשה 8
מאה ומאה מכם רבבה ירדפו ונפלו איביכם לפניכם
לחרב: ופניתי אליכם והפריתי אתכם והרביתי אתכם 9
והקימתי את־בריתי אתכם: ואכלתם ישן נושן וישן י
מפני חדש תוציאו: ונתתי משכני בתוככם ולא־תגעל 11
נפשי אתכם: והתהלכתי בתוככם והייתי לכם לאלהים 12
ואתם תהיו־לי לעם: אני יהוה אלהיכם אשר הוצאתי 13
אתכם מארץ מצרים מהית להם עבדים ואשבר מטת
עלכם ואולך אתכם קוממיות: פ
ואם־לא תשמעו לי ולא תעשו את כל־המצות האלה: 14
ואם־בחקתי תמאסו ואם את־משפטי תגעל נפשכם טו
לבלתי עשות את־כל־מצותי להפרכם את־בריתי: אף־ 16
אני אעשה־זאת לכם והפקדתי עליכם בהלה את־
השחפת ואת־הקדחת מכלות עינים ומדיבת נפש וזרעתם
לריק זרעכם ואכלהו איביכם: ונתתי פני בכם ונגפתם 17
לפני איביכם ורדו בכם שנאיכם ונסתם ואין־רדף
אתכם: ואם־עד־אלה לא תשמעו לי ויספתי ליסרה 18
אתכם שבע על־חטאתיכם: ושברתי את־גאון עזכם 19
ונתתי את־שמיכם כברזל ואת־ארצכם כנחשה: ותם כ
לריק כחכם ולא־תתן ארצכם את־יבולה ועץ הארץ לא
יתן פריו: ואם־תלכו עמי קרי ולא תאבו לשמע לי 21
ויספתי עליכם מכה שבע כחטאתיכם: והשלחתי בכם 22

וועט זייא טהון: 4 אזוי וועל איך אייערע
רעגען געבען אין זייערע צייט, אונד דאס
לאנד זאל געבען זיינע פרוכט, אונד
דער בוים פון דעם פעלד וועט געבען
זיינע פרוכט: 5 אונד אייערע דרעש־צייט
וועט רייכען צו דער הערבסט־צייט,
אונד דיא הערבסט־צייט וועט רייכען
צו דער צייט פון זייען, אונד איהר זאלט
עסען אייער ברויט צו זעטיגקייט, אונד
איהר וועט וואוינען אין זיכערהייט אין
אייער לאנד: 6 אונד איך וועל געבען
שלום אין דעם לאנד, אונד איהר וועט
ליגען אונד קיינער וועט אייך ניט דער־
שרעקען, אונד איך וועל פערטרייבען
דיא ווילדע חיות פון דעם לאנד, אונד
דאס שווערד זאל ניט איבערפאהרען אין
אייער לאנד: 7 אונד איהר זאלט יאגען
אייערע פיינד, אונד זייא וועלען פאלען
פאר אייך דורך דעם שווערד: 8 אונד
פינף פון אייך וועלען יאגען הונדערט,
אונד הונדערט פון אייך וועלען יאגען
צעהן טויזענד, אונד אייערע פיינד וועלען
פאלען פאר אייך דורך דעם שווערד:
9 אונד איך וועל מיך קעהרען צו אייך,
אונד איך וועל אייך פרוכטבאר מאכען,
אונד איך וועל אייך מעהרען, אונד איך וועל בעשטעטיגען מיין ברית מיט אייך:
10 אונד איהר וועט עסען דיא אלטע פרוכט, אונד איהר וועט ארויסברענגען דאס
אלטע פאר דעם נייעם: 11 אונד איך וועל געבען מיין משכן צווישען אייך, אונד
מיינע זעלע וועט אייך ניט פעראומווירדיגען: 12 אונד איך וועל צווישען אייך ארומ־
גיין, אונד איך וועל צו אייך זיין פאר א גאט, אונד איהר וועט צו מיר זיין צו א
פאלק: 13 איך בין דער האר אייער גאט, וואס איך האב אייך ארויסגעבראכט אוים
דעם לאנד מצרים, פון צו זיין קנעכט צו זייא, אונד איך האב צובראכען דיא שטאנ־
גען פון אייער יאך, אונד איך האב אייך געפיהרט אויפגעריכטעט:

14 אונד ווען איהר וועט ניט הארכען צו מיר, אונד איהר וועט ניט טהון אלע דיא
דאזיגע מצות: 15 אונד ווען איהר וועט פעראכטען מיינע געזעץ, אונד ווען אייערע
זעלע וועט פעראומווירדיגען מיינע משפטים ניט צו טהון אלע מיינע מצות, נייערט
איהר וועט פערשטערען מיין ברית: 16 אזוי וועל איך דאס דאזיגע צו אייך טהון,
אונד איך וועל ברענגען אויף אייך א שרעק, דיא שווינדזוכט אונד דאס קדחת
וואס פערדארבט דיא אויגען אונד וואס פערשמאכט דיא זעלע, אונד איהר וועט זייען
אייער זאמען אומזוסט, וואריין אייערע פיינד וועלען עס עסען: 17 אונד איך וועל טהון
מיין פנים קעגען אייך, אונד איהר וועט געשלאגען ווערען פאר אייערע פיינד, אונד
אייערע פיינד וועלען געוועלטיגען איבער אייך, אונד איהר וועט אנטלויפען ווען קיינער
וועט אייך ניט יאגען: 18 אונד ווען נאך דיא דאזיגע זאכען איהר וועט ניט הארכען
צו מיר, אזוי וועל איך מעהרען אייך צו שטראפען נאך זיבען מאל וועגען אייערע זינד:
19 אונד איך וועל ברעכען דעם שטאלץ פון אייערע שטארקייט, אונד איך וועל
מאכען אייערע הימעל אזוי וויא אייזען, אונד אייערע ערד אזוי וויא קופער: 20 אונד
אייערע קראפט וועט אומזוסט פערגיין, אונד אייער לאנד וועט ניט געבען זיינע
פרוכט: 21 אונד ווען איהר וועט גיין מיר צו ווידער, אונד איהר וועט ניט
וועלען הארכען צו מיר, אזוי וועל איך מעהרען אויף אייך דיא פלאג, זיבען
מאל אזוי וויא אייערע זינד: 22 אונד איך וועל שיקען צווישען אייך

את־חית השדה ושכלה אתכם והכריתה את־בהמתכם
23 והמעיטה אתכם ונשמו דרכיכם: ואם־באלה לא תוסרו
24 לי והלכתם עמי קרי: והלכתי אף־אני עמכם בקרי
כה והכיתי אתכם גם־אני שבע על־חטאתיכם: והבאתי
עליכם חרב נקמת נקם־ברית ונאספתם אל־עריכם
26 ושלחתי דבר בתוככם ונתתם ביד־אויב: בשברי לכם
מטה־לחם ואפו עשר נשים לחמכם בתנור אחד והשיבו
27 לחמכם במשקל ואכלתם ולא תשבעו: ס ואם־
28 בזאת לא תשמעו לי והלכתם עמי בקרי: והלכתי
עמכם בחמת־קרי ויסרתי אתכם אף־אני שבע על־
29 חטאתיכם: ואכלתם בשר בניכם ובשר בנתיכם תאכלו:
ל והשמדתי את־במתיכם והכרתי את־חמניכם ונתתי את־
31 פגריכם על־פגרי גלוליכם וגעלה נפשי אתכם: ונתתי
את־עריכם חרבה והשמותי את־מקדשיכם ולא אריח
32 בריח ניחחכם: והשמתי אני את־הארץ ושממו עליה
33 איביכם הישבים בה: ואתכם אזרה בגוים והריקתי
אחריכם חרב והיתה ארצכם שממה ועריכם יהיו חרבה:
34 אז תרצה הארץ את־שבתתיה כל ימי השמה ואתם
בארץ איביכם אז תשבת הארץ והרצת את־שבתתיה:
לה כל־ימי השמה תשבת את אשר לא־שבתה בשבתתיכם
36 בשבתכם עליה: והנשארים בכם והבאתי מרך בלבבם
בארצת איביהם ורדף אתם קול עלה נדף ונסו מנסת־
37 חרב ונפלו ואין רדף: וכשלו איש־באחיו כמפני־חרב
38 ורדף אין ולא־תהיה לכם תקומה לפני איביכם: ואבדתם
39 בגוים ואכלה אתכם ארץ איביכם: והנשארים בכם
ימקו בעונם בארצת איביכם ואף בעונת אבתם אתם
מ ימקו: והתודו את־עונם ואת־עון אבתם במעלם אשר
41 מעלו־בי ואף אשר־הלכו עמי בקרי: אף־אני אלך עמם

דיא חיות פון דעם פעלד, אונד זייא וועלען אייך בערויבען פון קינדער, אונד זייא וועלען פערטילגען אייערע בהמות, אונד זייא וועלען אייך מאכען ווייניג, אונד אייערע וועגען וועלען פערוויסט ווערען: 23 אונד ווען איהר וועט אייך ניט לאזען שטראפען פון מיר מיט דיא דאזיגע, אונד איהר וועט גיין מיר צו ווידער: 24 אזוי וועל איך אויך גיין אייך צו ווידער, אונד איך וועל אייך אויך שלאגען זיבען מאל וועגען אייערע זינד: 25 אונד איך וועל ברענגען אויף אייך א ראכענדעס שווערד וואס וועט זיך נוקם זיין וועגען דעם בונד, אונד איהר וועט אייך פערזאמעלן צו אייערע שטעט, אונד איך וועל שיקען דיא פעסט צווישען אייך, אונד איהר וועט געגעבען ווערען אין דער האנד פון דעם פיינד: 26 ווען איך וועל צערברעכען דעם שטעקען פון ברויט, אזוי וועלען צעהן ווייבער באקען אייער ברויט אין איין אויפען אונד זייא וועלען אייער ברויט ווידערגעבען מיט געוויכט, אונד איהר וועט עסען, אבער איהר וועט ניט זאט ווערען: 27 אונד ווען מיט דעם דאזיגען איהר וועט ניט הארכען צו מיר, אונד איהר וועט גיין מיר צו ווידער: 28 אזוי וועל איך גיין מיט גרימצארן אייך צו ווידער, אונד איך וועל אייך שטראפען זיבען מאל וועגען אייערע זינד: 29 אונד איהר וועט עסען דאס פלייש פון אייערע זיהן, אונד דאס פלייש פון אייערע טעכטער וועט איהר עסען: 30 אונד איך וועל פערטילגען אייערע במות, אונד איך וועל פערשניידען אייערע זון־בילדער, אונד איך וועל טהון אייערע פגרים אויף דיא פגרים פון אייערע אפגעטער, אונד מיינע זעלע וועט אייך פעראומווירדיגען: 31 אונד איך וועל געבען אייערע שטעט צו פערוויסטונג, אונד איך וועל פערוויסטען אייערע היילינקייטען, אונד איך וועל ניט שמעקען אייער ליבליכען געשמאק: 32 אונד איך וועל פערוויסטען דאס לאנד, אונד עס וועלען זיך דאריבער פערוואונדערען אייערע פיינד וואס וואוינען דרינען: 33 אונד איך וועל אייך צושפרייטען אונטער דיא פעלקער, אונד איך וועל ארויסציהען א שווערד נאך אייך, אונד אייער לאנד וועט זיין וויסט, אונד אייערע שטעט וועלען זיין פערוויסט: 34 דענסמאל וועט דאס לאנד בעוויליגען זיינע שבתים אלע טעג פון דער פערוויסטונג, אונד איהר וועט זיין אין דעם לאנד פון אייערע פיינד, דענסמאל וועט דאס לאנד רוהען, אונד עס וועט בעוויליגען זיינע שבתים: 35 אלע טעג פון דער פערוויסטונג וועט עס רוהען, ווייל עס האט ניט גערוהט אין אייערע שבתים ווען איהר האט דארויף געוואוינט: 36 אונד אויף דיא איבערגעבליבענע פון אייך, וועל איך ברענגען שמאכהאפטיגקייט אין זייער הערץ, אין דיא לענדער פון זיירע פיינד, אונד דאס קול פון איין שאקעלנדעס בלאט וועט זייא יאגען, אונד זייא וועלען אנטלויפען גלייך אזוי וויא א מאן אנטלויפט פאר א שווערד אונד זייא וועלען פאלען ווען קיינער וועט ניט יאגען: 37 אונד זייא וועלען זיך שטרויכלען איינער אן דעם אנדערען, גלייך אזוי וויא פאר א שווערד, אונד קיינער וועט ניט יאגען, אונד עס וועט ניט זיין צו אייך קיין בעשטאנד פאר אייערע פיינד: 38 אונד איהר וועט אומקומען אונטער דיא פעלקער, אונד דאס לאנד פון אייערע פיינד וועט אייך פרעסען: 39 אונד דיא איבערגעבליבענע אונטער אייך וועלען פערגיין וועגען זיירע זינד, אין דיא לענדער פון אייערע פיינד, אונד אויך וועגען דיא זינד פון זיירע פעטער, מיט זייא וועלען זייא פערגיין: 40 אונד זייא וועלען מתודה זיין זיירע זינד אונד דיא זינד פון זיירע פעטער, אונד זיירע איבערטרעטונג וואס זייא האבען איבערטרעטען קעגען מיר, אונד אויך וויא זייא זענען געגאנגען מיר צו ווידער: 41 אויך וויא איך בין געגאנגען זייא צו ווידער

בְּקֶרִי וְהֵבֵאתִי אֹתָם בְּאֶרֶץ אֹיְבֵיהֶם אוֹ־אָז יִכָּנַע לְבָבָם
42 הֶעָרֵל וְאָז יִרְצוּ אֶת־עֲוֹנָם׃ וְזָכַרְתִּי אֶת־בְּרִיתִי יַעֲקוֹב
וְאַף אֶת־בְּרִיתִי יִצְחָק וְאַף אֶת־בְּרִיתִי אַבְרָהָם אֶזְכֹּר
43 וְהָאָרֶץ אֶזְכֹּר׃ וְהָאָרֶץ תֵּעָזֵב מֵהֶם וְתִרֶץ אֶת־שַׁבְּתֹתֶיהָ
בָּהְשַׁמָּה מֵהֶם וְהֵם יִרְצוּ אֶת־עֲוֹנָם יַעַן וּבְיַעַן בְּמִשְׁפָּטַי
44 מָאָסוּ וְאֶת־חֻקֹּתַי גָּעֲלָה נַפְשָׁם׃ וְאַף גַּם־זֹאת בִּהְיוֹתָם
בְּאֶרֶץ אֹיְבֵיהֶם לֹא־מְאַסְתִּים וְלֹא־גְעַלְתִּים לְכַלֹּתָם לְהָפֵר
מה בְּרִיתִי אִתָּם כִּי אֲנִי יְהוָה אֱלֹהֵיהֶם׃ וְזָכַרְתִּי לָהֶם בְּרִית
רִאשֹׁנִים אֲשֶׁר הוֹצֵאתִי־אֹתָם מֵאֶרֶץ מִצְרַיִם לְעֵינֵי הַגּוֹיִם
46 לִהְיוֹת לָהֶם לֵאלֹהִים אֲנִי יְהוָה׃ אֵלֶּה הַחֻקִּים וְהַמִּשְׁפָּטִים
וְהַתּוֹרֹת אֲשֶׁר נָתַן יְהוָה בֵּינוֹ וּבֵין בְּנֵי יִשְׂרָאֵל בְּהַר סִינַי
בְּיַד־מֹשֶׁה׃ פ

כז כז

2 א וַיְדַבֵּר יְהוָה אֶל־מֹשֶׁה לֵּאמֹר׃ דַּבֵּר אֶל־בְּנֵי יִשְׂרָאֵל
וְאָמַרְתָּ אֲלֵהֶם אִישׁ כִּי יַפְלִא נֶדֶר בְּעֶרְכְּךָ נְפָשֹׁת לַיהוָה׃
3 וְהָיָה עֶרְכְּךָ הַזָּכָר מִבֶּן עֶשְׂרִים שָׁנָה וְעַד בֶּן־שִׁשִּׁים שָׁנָה
4 וְהָיָה עֶרְכְּךָ חֲמִשִּׁים שֶׁקֶל כֶּסֶף בְּשֶׁקֶל הַקֹּדֶשׁ׃ וְאִם־
ה נְקֵבָה הִוא וְהָיָה עֶרְכְּךָ שְׁלֹשִׁים שָׁקֶל׃ וְאִם מִבֶּן־חָמֵשׁ
שָׁנִים וְעַד בֶּן־עֶשְׂרִים שָׁנָה וְהָיָה עֶרְכְּךָ הַזָּכָר עֶשְׂרִים
6 שְׁקָלִים וְלַנְּקֵבָה עֲשֶׂרֶת שְׁקָלִים׃ וְאִם מִבֶּן־חֹדֶשׁ וְעַד
בֶּן־חָמֵשׁ שָׁנִים וְהָיָה עֶרְכְּךָ הַזָּכָר חֲמִשָּׁה שְׁקָלִים כָּסֶף
7 וְלַנְּקֵבָה עֶרְכְּךָ שְׁלֹשֶׁת שְׁקָלִים כָּסֶף׃ וְאִם מִבֶּן־שִׁשִּׁים
שָׁנָה וָמַעְלָה אִם־זָכָר וְהָיָה עֶרְכְּךָ חֲמִשָּׁה עָשָׂר שָׁקֶל
8 וְלַנְּקֵבָה עֲשָׂרָה שְׁקָלִים׃ וְאִם־מָךְ הוּא מֵעֶרְכֶּךָ וְהֶעֱמִידוֹ
לִפְנֵי הַכֹּהֵן וְהֶעֱרִיךְ אֹתוֹ הַכֹּהֵן עַל־פִּי אֲשֶׁר תַּשִּׂיג יַד הַנֹּדֵר
9 יַעֲרִיכֶנּוּ הַכֹּהֵן׃ ס וְאִם־בְּהֵמָה אֲשֶׁר יַקְרִיבוּ מִמֶּנָּה
י קָרְבָּן לַיהוָה כֹּל אֲשֶׁר יִתֵּן מִמֶּנּוּ לַיהוָה יִהְיֶה־קֹּדֶשׁ׃ לֹא

ווידער, אונד איך האָב זייא געבּראַכט אין דעם לאַנד פון זייערע פיינד, ווען דענסמאָל זייער פערשטאָפּטעס האַרץ ווערט זיך נידעריגען, אונד זייא וועלען דענסמאָל אָננעמען דיא שטראָף פון זייערע זינד: 42 אַזוֹי וועל איך געדענקען מיין בּונד מיט יַעֲקֹב, אונד מיין בּונד מיט יִצְחָק, אונד אויך מיין בּונד מיט אַבְרָהָם וועל איך געדענקען, אונד איך וועל געדענקען דאָס לאַנד: 43 אונד דאָס לאַנד וועט פערלאָזט ווערען פון זייא, אונד עס וועט בּעווילליגען איהרע שַׁבָּתִים ווען עס איז פערוויסט וועגען זייא, אונד זייא וועלען אָננעמען דיא שטראָף פון זייערע זינד גראַדע, פון וועגען, ווייל זייא האָבּען פעראַכטעט מיינע מִשְׁפָּטִים, אונד זייערע זעלע האָט פעראומווירדיגט מיינע געזעץ: 44 אונד אֲפִילוּ אין דעם דאָזיגען, ווען זייא וועלען זיין אין דעם לאַנד פון זייערע פיינד וועל איך זייא ניט פערוואַרפען, אונד איך וועל זייא ניט פעראומווירדיגען כְּדֵי זייא צו פערטילגען, צו פערשטערען מיין בּונד מיט זייא, וואָרין איך בּין דער האַר זייער גאָט: 45 אונד איך וועל געדענקען צו אייך דעם בּונד פון דיא ערשטע (אָבוֹת), וואָס איך האָב זייא אַרויסגעבּראַכט אויס דעם לאַנד מִצְרַיִם, פאַר דיא אויגען פון דיא פעלקער, צו זיין צו זייא אַ גאָט, איך בּין דער האַר: 46 דיא דאָזיגע זעצען דיא געזעץ, אונד דיא געריכטע, אונד דיא לערנונגען וואָס גאָט האָט געגעבּען צווישען זיך אונד דיא קינדער יִשְׂרָאֵל אויף דעם בּארג סִינַי דורך מֹשֶׁה:

## קאַפּיטעל כז

1 אונד גאָט האָט גערעדט צו מֹשֶׁה אַזוֹי צו זאָגען: 2 רעד צו דיא קינדער יִשְׂרָאֵל, אונד דוּא זאָלסט צו זייא זאָגען, ווען אַ מאַן וועט אָפּזונדערען אַ נֶדֶר צו גאָט, זאָל עס זיין נאָך דיינע שאַצונג זאָל זיין, פאַר אַ זָכָר, פון צוואַנציג יאָהר אַלט אונד בּיז זעכציג יאָהר אַלט, אונד דיא שאַצונג זאָל זיין פופציג שֶׁקֶל זילבּער נאָך דעם הייליגען שֶׁקֶל נאָך: 4 אונד ווען עס איז אַ נְקֵבָה, אַזוֹי זאָל דיינע שאַצונג זיין דרייסיג שֶׁקֶל: 5 אונד ווען עס איז פון פינף יאָהר אַלט אונד בּיז צוואַנציג יאָהר, אַזוֹי זאָל דיינע שאַצונג זיין פאַר אַ זָכָר צוואַנציג שְׁקָלִים, אונד פאַר אַ נְקֵבָה צעהן שְׁקָלִים: 6 אונד ווען פון איין חֹדֶשׁ אַלט אונד בּיז פינף יאָהר אַלט, אַזוֹי זאָל דיינע שאַצונג זיין פאַר דעם זָכָר פינף שְׁקָלִים זילבּער, אונד פאַר דיא נְקֵבָה זאָל דיינע שאַצונג זיין דרייא שְׁקָלִים זילבּער: 7 אונד ווען פון זעכציג יאָהר אַלט אונד דריבּער, ווען עס איז פאַר אַ זָכָר אַזוֹי זאָל דיינע שאַצונג זיין פופצעהן שְׁקָלִים, אונד פאַר אַ נְקֵבָה צעהן שְׁקָלִים: 8 אונד ווען ער איז אָרעמער פון דיינע שאַצונג אַזוֹי זאָל ער זיך שטעלען פאַר דעם כֹּהֵן, אונד דער כֹּהֵן זאָל איהם שאַצען נאָך דעם נאָך אַז עס וועט רייכען דיא האַנד פון דעם וואָס האָט אַ נֶדֶר געטהון, זאָל דער כֹּהֵן איהם שאַצען: 9 אונד ווען עס איז אַ בְּהֵמָה וואָס מאַן קען מַקְרִיב זיין דערפון אַ קָרְבָּן צו גאָט, אַלעס וואָס מאַן זאָל געבּען דערפון צו גאָט זאָל זיין הייליג:

ער

87 עֶשְׂרִים וּמֵאָה׃ כָּל־הַבָּקָר לָעֹלָה שְׁנֵים עָשָׂר פָּרִים אֵילִם
שְׁנֵים־עָשָׂר כְּבָשִׂים בְּנֵי־שָׁנָה שְׁנֵים עָשָׂר וּמִנְחָתָם וּשְׂעִירֵי
88 עִזִּים שְׁנֵים עָשָׂר לְחַטָּאת׃ וְכֹל בְּקַר ׀ זֶבַח הַשְּׁלָמִים עֶשְׂרִים
וְאַרְבָּעָה פָּרִים אֵילִם שִׁשִּׁים עַתֻּדִים שִׁשִּׁים כְּבָשִׂים בְּנֵי־
89 שָׁנָה שִׁשִּׁים זֹאת חֲנֻכַּת הַמִּזְבֵּחַ אַחֲרֵי הִמָּשַׁח אֹתוֹ׃ וּבְבֹא
מֹשֶׁה אֶל־אֹהֶל מוֹעֵד לְדַבֵּר אִתּוֹ וַיִּשְׁמַע אֶת־הַקּוֹל מִדַּבֵּר
אֵלָיו מֵעַל הַכַּפֹּרֶת אֲשֶׁר עַל־אֲרֹן הָעֵדֻת מִבֵּין שְׁנֵי הַכְּרֻבִים
וַיְדַבֵּר אֵלָיו׃

ח

ח פ פ פ לו

א 2 וַיְדַבֵּר יְהוָה אֶל־מֹשֶׁה לֵּאמֹר׃ דַּבֵּר אֶל־אַהֲרֹן וְאָמַרְתָּ
אֵלָיו בְּהַעֲלֹתְךָ אֶת־הַנֵּרֹת אֶל־מוּל פְּנֵי הַמְּנוֹרָה יָאִירוּ שִׁבְעַת
3 הַנֵּרוֹת׃ וַיַּעַשׂ כֵּן אַהֲרֹן אֶל־מוּל פְּנֵי הַמְּנוֹרָה הֶעֱלָה נֵרֹתֶיהָ
4 כַּאֲשֶׁר צִוָּה יְהוָה אֶת־מֹשֶׁה׃ וְזֶה מַעֲשֵׂה הַמְּנֹרָה מִקְשָׁה
זָהָב עַד־יְרֵכָהּ עַד־פִּרְחָהּ מִקְשָׁה הִוא כַּמַּרְאֶה אֲשֶׁר הֶרְאָה
יְהוָה אֶת־מֹשֶׁה כֵּן עָשָׂה אֶת־הַמְּנֹרָה׃ פ
ה 6 וַיְדַבֵּר יְהוָה אֶל־מֹשֶׁה לֵּאמֹר׃ קַח אֶת־הַלְוִיִּם מִתּוֹךְ בְּנֵי
7 יִשְׂרָאֵל וְטִהַרְתָּ אֹתָם׃ וְכֹה־תַעֲשֶׂה לָהֶם לְטַהֲרָם הַזֵּה
עֲלֵיהֶם מֵי חַטָּאת וְהֶעֱבִירוּ תַעַר עַל־כָּל־בְּשָׂרָם וְכִבְּסוּ
8 בִגְדֵיהֶם וְהִטֶּהָרוּ׃ וְלָקְחוּ פַּר בֶּן־בָּקָר וּמִנְחָתוֹ סֹלֶת בְּלוּלָה
9 בַשָּׁמֶן וּפַר־שֵׁנִי בֶן־בָּקָר תִּקַּח לְחַטָּאת׃ וְהִקְרַבְתָּ אֶת־
הַלְוִיִּם לִפְנֵי אֹהֶל מוֹעֵד וְהִקְהַלְתָּ אֶת־כָּל־עֲדַת בְּנֵי
· יִשְׂרָאֵל׃ וְהִקְרַבְתָּ אֶת־הַלְוִיִּם לִפְנֵי יְהוָה וְסָמְכוּ בְנֵי־
11 יִשְׂרָאֵל אֶת־יְדֵיהֶם עַל־הַלְוִיִּם׃ וְהֵנִיף אַהֲרֹן אֶת־הַלְוִיִּם
תְּנוּפָה לִפְנֵי יְהוָה מֵאֵת בְּנֵי יִשְׂרָאֵל וְהָיוּ לַעֲבֹד אֶת־
12 עֲבֹדַת יְהוָה׃ וְהַלְוִיִּם יִסְמְכוּ אֶת־יְדֵיהֶם עַל רֹאשׁ הַפָּרִים
וַעֲשֵׂה אֶת־הָאֶחָד חַטָּאת וְאֶת־הָאֶחָד עֹלָה לַיהוָה לְכַפֵּר
13 עַל־הַלְוִיִּם׃ וְהַעֲמַדְתָּ אֶת־הַלְוִיִּם לִפְנֵי אַהֲרֹן וְלִפְנֵי בָנָיו

וואר הונדערט אונד צוואנציג (שֶׁקֶל): 87 אַלֶע רינדער פאר דעם בראנד אָפּפער צוועלף שטיער, צוועלף ווידער, צוועלף לעמער, איין יאהר אַלט, מיט זייערע שפּייז אָפּפער, אונד צוועלף ציגען בעקלעך פאר זינד אָפּפער: 88 אונד אַלע רינדער פון דיא פריד אָפּפער פיער אונד צוואנציג שטיער, זעכציג ווידער, זעכציג בעק, זעכציג לעמער, איין יאהר אַלט, דאס דאזיגע איז געוועזען דאס חֲנֻכַּת הַמִּזְבֵּחַ נאכדעם ווען ער איז געזאַלבט געוואָרען: 89 אונד ווען משה איז געקומען אין דעם געצעלט פון דיא פערזאמלונג צו רעדען מיט איהם, אַזוי האט ער געהערט דאס קול פון דעם וואס האט צו איהם גערעט, פון דעם איבערדעקעל (כַּפֹּרֶת) וואס איז אויף דעם קאַסטען פון דעם צייגניס, פון צווישען דיא צוויא כְּרוּבִים, אונד ער האט צו איהם גערעט:

קאפיטעל ח

בהעלתך

1 אונד גאט האט גערעט צו משה אַזוי צו זאגען: 2 רעד צו אַהֲרֹן אונד דוא זאלסט צו איהם זאגען, ווען דוא צינדסט אָן דיא לאמפּען, אַזוי זאלען דיא זיבען לאמפּען לייכטען קעגענאיבער דעם לייכטער: 3 אונד אַהֲרֹן האט אַזוי געטהון, ער האט אָנגעצונדען זיינע לאמפּען קעגענאיבער דעם לייכטער, אַזוי וויא גאט האט געבאָטען משה: 4 אונד דאס דאזיגע איז דאס ווערק פון דעם לייכטער, געהאמערט גאָלד ביז זיין דיעך, ביז זיינע בלומען, איז עס געוועזען געהאַמערט, גלייך אַזוי וויא דיא געשטאַלט וואס גאט האט געוויזען משה, אַזוי האט ער געמאַכט דעם לייכטער:

5 אונד גאט האט גערעט צו משה אַזוי צו זאגען: 6 נעם דיא לְוִיִּם פון צווישען דיא קינדער יִשְׂרָאֵל, אונד דוא זאלסט זייא ריינִיגען: 7 אונד אַזוי זאלסט דוא צו זייא טהון זייא צו ריינִיגען, שפּרענג אויף זייא דאס וואַסער פון ריינִיגונג, אונד זייא זאלען איבערפאהרען מאַכען אַ שערמעסער איבער זייער גאַנצעם פלייש, אונד זייא זאלען וואַשען זייערע קליידער, אונד זייא זאלען זיך ריינִיגען: 8 אונד זייא זאלען נעמען אַ יונגען שטיער, אונד זיין שפּייז אָפּפער, זעמעל מעהל געמישט מיט אייל, אונד איין אַנדערן יונגען שטיער זאלסט דוא נעמען פאר אַ זינד אָפּפער: 9 אונד דוא זאלסט גענעהענען דיא לְוִיִּם פאר דעם געצעלט פון דיא פערזאַמלונג, אונד דוא זאלסט פערזאמלען דיא גאַנצע געמיינדע פון דיא קינדער יִשְׂרָאֵל: 10 אונד דוא זאלסט גענעהענען דיא לְוִיִּם פאר גאט, אונד דיא קינדער יִשְׂרָאֵל זאלען לייגען זייערע הענד אויף דיא לְוִיִּם: 11 אונד אַהֲרֹן זאל אויפהייבען דיא לְוִיִּם איינע אויפהייבונג פאר גאט פון דיא קינדער יִשְׂרָאֵל, אונד זייא זאלען צו זייא דינען דעם דינסט פון גאט: 12 אונד דיא לְוִיִּם זאלען לייגען זייערע הענד אויף דעם קאפּ פון דיא שטיער אונד זאלען מאַכען איינעם פאר אַ זינד אָפּפער, אונד דעם אַנדערען פאר אַ בראנד אָפּפער צו גאט, מְכַפֵּר צו זיין וועגען דיא לְוִיִּם: 13 אונד דוא זאלסט דיא לְוִיִּם שטעלען פאר אַהֲרֹן אונד פאר זיינע זיהן,

אונד

וְהֵנַפְתָּ אֹתָם תְּנוּפָה לַיהוָה: וְהִבְדַּלְתָּ אֶת־הַלְוִיִּם מִתּוֹךְ 14
בְּנֵי יִשְׂרָאֵל וְהָיוּ לִי הַלְוִיִּם: וְאַחֲרֵי־כֵן יָבֹאוּ הַלְוִיִּם טו
לַעֲבֹד אֶת־אֹהֶל מוֹעֵד וְטִהַרְתָּ אֹתָם וְהֵנַפְתָּ אֹתָם תְּנוּפָה:
כִּי נְתֻנִים נְתֻנִים הֵמָּה לִי מִתּוֹךְ בְּנֵי יִשְׂרָאֵל תַּחַת פִּטְרַת 16
כָּל־רֶחֶם בְּכוֹר כֹּל מִבְּנֵי יִשְׂרָאֵל לָקַחְתִּי אֹתָם לִי: כִּי 17
לִי כָל־בְּכוֹר בִּבְנֵי יִשְׂרָאֵל בָּאָדָם וּבַבְּהֵמָה בְּיוֹם הַכֹּתִי
כָל־בְּכוֹר בְּאֶרֶץ מִצְרַיִם הִקְדַּשְׁתִּי אֹתָם לִי: וָאֶקַּח אֶת־ 18
הַלְוִיִּם תַּחַת כָּל־בְּכוֹר בִּבְנֵי יִשְׂרָאֵל: וָאֶתְּנָה אֶת־ 19
הַלְוִיִּם נְתֻנִים ׀ לְאַהֲרֹן וּלְבָנָיו מִתּוֹךְ בְּנֵי יִשְׂרָאֵל לַעֲבֹד
אֶת־עֲבֹדַת בְּנֵי־יִשְׂרָאֵל בְּאֹהֶל מוֹעֵד וּלְכַפֵּר עַל־בְּנֵי
יִשְׂרָאֵל וְלֹא יִהְיֶה בִּבְנֵי יִשְׂרָאֵל נֶגֶף בְּגֶשֶׁת בְּנֵי־יִשְׂרָאֵל
אֶל־הַקֹּדֶשׁ: וַיַּעַשׂ מֹשֶׁה וְאַהֲרֹן וְכָל־עֲדַת בְּנֵי־יִשְׂרָאֵל כ
לַלְוִיִּם כְּכֹל אֲשֶׁר־צִוָּה יְהוָה אֶת־מֹשֶׁה לַלְוִיִּם כֵּן־עָשׂוּ
לָהֶם בְּנֵי יִשְׂרָאֵל: וַיִּתְחַטְּאוּ הַלְוִיִּם וַיְכַבְּסוּ בִּגְדֵיהֶם 21
וַיָּנֶף אַהֲרֹן אֹתָם תְּנוּפָה לִפְנֵי יְהוָה וַיְכַפֵּר עֲלֵיהֶם אַהֲרֹן
לְטַהֲרָם: וְאַחֲרֵי־כֵן בָּאוּ הַלְוִיִּם לַעֲבֹד אֶת־עֲבֹדָתָם בְּאֹהֶל 22
מוֹעֵד לִפְנֵי אַהֲרֹן וְלִפְנֵי בָנָיו כַּאֲשֶׁר צִוָּה יְהוָה אֶת־מֹשֶׁה
עַל־הַלְוִיִּם כֵּן עָשׂוּ לָהֶם: ס וַיְדַבֵּר יְהוָה אֶל־מֹשֶׁה 23
לֵּאמֹר: זֹאת אֲשֶׁר לַלְוִיִּם מִבֶּן חָמֵשׁ וְעֶשְׂרִים שָׁנָה וָמַעְלָה 24
יָבוֹא לִצְבֹא צָבָא בַּעֲבֹדַת אֹהֶל מוֹעֵד: וּמִבֶּן חֲמִשִּׁים כה
שָׁנָה יָשׁוּב מִצְּבָא הָעֲבֹדָה וְלֹא יַעֲבֹד עוֹד: וְשֵׁרֵת אֶת־ 26
אֶחָיו בְּאֹהֶל מוֹעֵד לִשְׁמֹר מִשְׁמֶרֶת וַעֲבֹדָה לֹא יַעֲבֹד כָּכָה
תַּעֲשֶׂה לַלְוִיִּם בְּמִשְׁמְרֹתָם: פ

ט

וַיְדַבֵּר יְהוָה אֶל־מֹשֶׁה בְמִדְבַּר־סִינַי בַּשָּׁנָה הַשֵּׁנִית א
לְצֵאתָם מֵאֶרֶץ מִצְרַיִם בַּחֹדֶשׁ הָרִאשׁוֹן לֵאמֹר: וְיַעֲשׂוּ 2
בְנֵי־יִשְׂרָאֵל אֶת־הַפָּסַח בְּמוֹעֲדוֹ: בְּאַרְבָּעָה עָשָׂר־יוֹם 3

אונד דוא זאלסט זייא אויפהייבען איינע אויפהייבונג צו גאט: 14 אונד דוא זאלסט אפשיידען דיא לוים פון דיא קינדער ישראל, אונד דיא לוים זאלען געהערען צו מיר: 15 אונד דערנאך זאלען דיא לוים אריינקומען צו דינען אין דעם געצעלט פון דיא פערזאמלונג, אונד דוא זאלסט זייא ריינינגען, אונד דוא זאלסט זייא אויפהייבען איינע אויפהייבונג: 16 ווייל זייא זענען גאנץ געגעבען צו מיר פון צווישען דיא קינדער ישראל, אנשטאט פון דיא עפענונג פון איטליכער געבערמוטער, פון איטליכען בכור פון דיא קינדער ישראל האב איך זייא צו מיר גענומען: 17 ווייל צו מיר געהער איטליכער בכור פון דיא קינדער ישראל, אונטער מענשען אונד אונטער בהמות, אין דעם טאג ווען איך האב געשלאגען איטליכען בכור אין דעם לאנד מצרים האב איך זייא צו מיר געהייליגט: 18 אונד איך האב גענומען דיא לוים אנשטאט איטליכען בכור אונטער דיא קינדער ישראל: 19 אונד איך האב געגעבען דיא לוים פאר א גאב צו אהרן אונד צו זיינע זיהן פון צווישען דיא קינדער ישראל, צו דינען דעם דינסט פון דיא קינדער ישראל אין דעם געצעלט פון דיא פערזאמלונג, אונד מכפר צו זיין וועגען דיא קינדער ישראל, אז עס זאל ניט זיין קיין פלאג אונטער דיא קינדער ישראל ווען דיא קינדער ישראל גענהענען צו דיא הייליגקייט: 20 אונד משה אונד אהרן אונד דיא גאנצע געמיינדע פון דיא קינדער ישראל האבען געטהון צו דיא לוים אזוי וויא גאט האט געבאטען משה פון וועגען דיא לוים, אזוי האבען דיא קינדער ישראל צו זייא געטהון: 21 אונד דיא לוים האבען זיך גערייניגט אונד זייא האבען געוואשען זיירע קליידער, אונד אהרן האט וועגען זייא מכפר געוועזען, זייא צו ריינינגען: 22 אונד דערנאך זענען דיא לוים געקומען צו דינען זייער דינסט אין דעם געצעלט פון דיא פערזאמלונג, פאר אהרן אונד פאר זיינע זיהן, אזוי וויא גאט האט געבאטען משה וועגען דיא לוים אזוי האבען זייא צו זייא געטהון: 23 אונד גאט האט גערעט צו משה אזוי צו זאגען: 24 דאס דאזיגע איז וואס געהערט צו דיא לוים, פון פינף אונד צוואנציג יאהר אלט אן אונד דריבער, זאל ער קומען צו דיא הערשאר אין דעם דינסט פון דעם געצעלט פון דיא פערזאמלונג: 25 אונד פון פופציג יאהר אלט אן זאל ער צוריקקעהרען פון דיא הערשאר פון דעם דינסט, אונד ער זאל ניט מעהר דינען: 26 אונד ער זאל בעדינען זיינע ברידער אין דעם געצעלט פון דיא פערזאמלונג, צו היטען דיא היטונג, אבער קיין דינסט זאל ער ניט דינען, אזוי זאלסט דוא טהון צו דיא לוים אין זיירע היטונגען:

קאפיטעל ט

1 אונד גאט האט גערעט צו משה אין דער מדבר סיני, אין דעם אנדערן יאהר ווען זייא זענען ארויסגעגאנגען אויס דעם לאנד מצרים, אין דעם ערשטען חודש, אזוי צו זאגען: 2 אונד דיא קינדער ישראל זאלען מאכען דאס קרבן פסח אין זיינע בעשטימטע צייט: 3 אין דעם פירצענטען טאג

פון

בַּחֹדֶשׁ הַזֶּה בֵּין הָעַרְבַּיִם תַּעֲשׂוּ אֹתוֹ בְּמֹעֲדוֹ כְּכָל־חֻקֹּתָיו
4 וּכְכָל־מִשְׁפָּטָיו תַּעֲשׂוּ אֹתוֹ׃ וַיְדַבֵּר מֹשֶׁה אֶל־בְּנֵי יִשְׂרָאֵל
ה לַעֲשֹׂת הַפָּסַח׃ וַיַּעֲשׂוּ אֶת־הַפֶּסַח בָּרִאשׁוֹן בְּאַרְבָּעָה עָשָׂר
יוֹם לַחֹדֶשׁ בֵּין הָעַרְבַּיִם בְּמִדְבַּר סִינָי כְּכֹל אֲשֶׁר צִוָּה יְהוָה
6 אֶת־מֹשֶׁה כֵּן עָשׂוּ בְּנֵי יִשְׂרָאֵל׃ וַיְהִי אֲנָשִׁים אֲשֶׁר הָיוּ
טְמֵאִים לְנֶפֶשׁ אָדָם וְלֹא־יָכְלוּ לַעֲשֹׂת־הַפֶּסַח בַּיּוֹם הַהוּא
7 וַיִּקְרְבוּ לִפְנֵי מֹשֶׁה וְלִפְנֵי אַהֲרֹן בַּיּוֹם הַהוּא׃ וַיֹּאמְרוּ
הָאֲנָשִׁים הָהֵמָּה אֵלָיו אֲנַחְנוּ טְמֵאִים לְנֶפֶשׁ אָדָם לָמָּה
נִגָּרַע לְבִלְתִּי הַקְרִב אֶת־קָרְבַּן יְהוָה בְּמֹעֲדוֹ בְּתוֹךְ בְּנֵי
8 יִשְׂרָאֵל׃ וַיֹּאמֶר אֲלֵהֶם מֹשֶׁה עִמְדוּ וְאֶשְׁמְעָה מַה־יְצַוֶּה
יְהוָה לָכֶם׃ פ
9 וַיְדַבֵּר יְהוָה אֶל־מֹשֶׁה לֵּאמֹר׃ דַּבֵּר אֶל־בְּנֵי יִשְׂרָאֵל
לֵאמֹר אִישׁ אִישׁ כִּי־יִהְיֶה טָמֵא ׀ לָנֶפֶשׁ אוֹ בְדֶרֶךְ רְחֹקָה
11 לָכֶם אוֹ לְדֹרֹתֵיכֶם וְעָשָׂה פֶסַח לַיהוָה׃ בַּחֹדֶשׁ הַשֵּׁנִי
בְּאַרְבָּעָה עָשָׂר יוֹם בֵּין הָעַרְבַּיִם יַעֲשׂוּ אֹתוֹ עַל־מַצּוֹת
12 וּמְרֹרִים יֹאכְלֻהוּ׃ לֹא־יַשְׁאִירוּ מִמֶּנּוּ עַד־בֹּקֶר וְעֶצֶם לֹא
13 יִשְׁבְּרוּ־בוֹ כְּכָל־חֻקַּת הַפֶּסַח יַעֲשׂוּ אֹתוֹ׃ וְהָאִישׁ אֲשֶׁר־
הוּא טָהוֹר וּבְדֶרֶךְ לֹא־הָיָה וְחָדַל לַעֲשׂוֹת הַפֶּסַח וְנִכְרְתָה
הַנֶּפֶשׁ הַהִוא מֵעַמֶּיהָ כִּי ׀ קָרְבַּן יְהוָה לֹא הִקְרִיב בְּמֹעֲדוֹ
14 חֶטְאוֹ יִשָּׂא הָאִישׁ הַהוּא׃ וְכִי־יָגוּר אִתְּכֶם גֵּר וְעָשָׂה
פֶסַח לַיהוָה כְּחֻקַּת הַפֶּסַח וּכְמִשְׁפָּטוֹ כֵּן יַעֲשֶׂה חֻקָּה
טו אַחַת יִהְיֶה לָכֶם וְלַגֵּר וּלְאֶזְרַח הָאָרֶץ׃ ס וּבְיוֹם
הָקִים אֶת־הַמִּשְׁכָּן כִּסָּה הֶעָנָן אֶת־הַמִּשְׁכָּן לְאֹהֶל הָעֵדֻת
16 וּבָעֶרֶב יִהְיֶה עַל־הַמִּשְׁכָּן כְּמַרְאֵה־אֵשׁ עַד־בֹּקֶר׃ כֵּן יִהְיֶה
17 תָמִיד הֶעָנָן יְכַסֶּנּוּ וּמַרְאֵה־אֵשׁ לָיְלָה׃ וּלְפִי הֵעָלֹת
הֶעָנָן מֵעַל הָאֹהֶל וְאַחֲרֵי כֵן יִסְעוּ בְּנֵי יִשְׂרָאֵל וּבִמְקוֹם
18 אֲשֶׁר יִשְׁכָּן־שָׁם הֶעָנָן שָׁם יַחֲנוּ בְּנֵי יִשְׂרָאֵל׃ עַל־פִּי

פון דעם דאזיגען חודש, צווישען דיא צווייא אבענדען זאלט איהר עס מאכען אין זיינע בעשטימטע צייט, גלייך אזוי וויא אלע זיינע געזעץ, אונד נאך זיין גאנצען רעכט זאלט איהר עס מאכען: 4 אונד משה האט גערעט צו דיא קינדער ישראל צו מאכען פסח: 5 אונד זייא האבען געמאכט פסח אין דעם ערשטען חודש אין דעם פירצענטען טאג פון דעם חודש, צווישען דיא אבענדען, אין דער מדבר סיני, אזוי וויא גאט האט געבאטען משה אזוי האבען דיא קינדער ישראל געטהון: 6 אונד עס זענען געוועזען מענער וואס זענען געוועזען אומריין וועגען א טויטען מענש, אונד זייא האבען ניט געקאנט מאכען פסח אין דעם זעלביגען טאג, אונד זייא האבען זיך גענעהנט פאר משה אונד פאר אהרן אין דעמזעלביגען טאג: 7 אונד דיא זעלביגע מענער האבען צו איהם געזאגט, מיר זענען אומריין וועגען א טויטען מענש, פארוואס זאלען מיר אפגעהאלטען ווערען אז מיר זאלען ניט מקריב זיין דאס קרבן פון גאט אין זיינע בעשטימטע צייט, צווישען דיא קינדער ישראל: 8 אונד משה האט צו זייא געזאגט, שטייט אונד איך וועל הערען וואס גאט וועט וועגען אייך בעפעהלען:

9 אונד גאט האט גערעט צו משה אזוי צו זאגען: 10 רעד צו דיא קינדער ישראל אזוי צו זאגען, איטליכער מאן וואס וועט זיין אומריין וועגען א טויטען, אדער אויף א ווייטען וועג, צו אייך אדער צו איירע געשלעכטער, אזוי זאל ער מאכען פסח צו גאט: 11 אין דעם אנדערן חודש אין דעם פירצענטען טאג, צווישען דיא אבענדען זאלען זייא עס מאכען, מיט מצות אונד ביטערע קרייטער זאלען זייא עס עסען: 12 זייא זאלען ניט דערפון איבערלאזען ביז מארגען, אונד א ביין זאלען זייא ניט דערפון צוברעכען, אזוי וויא דאס גאנצע געזעץ פון דעם פסח זאלען זייא עס מאכען: 13 אבער דער מאן וואס איז ריין, אונד ער איז ניט אויף דעם וועג, אונד וועט ער וועט פערמיידען צו מאכען פסח, אזוי זאל דאס זעלביגע נפש פערשניטען ווערען פון איהר פאלק, ווייל ער האט ניט מקריב געוועזען דאס קרבן פון גאט אין זיינע בעשטימטע צייט, דער זעלביגער מאן זאל טראגען זיינע זינד: 14 אונד ווען א גר וועט ביי אייך וואוינען אונד ער וויל האלטען פסח צו גאט, אזוי וויא דאס געזעץ פון פסח אונד אזוי וויא עס איז רעכט זאל ער עס מאכען, איין געזעץ זאל זיין צו אייך אונד צו דעם גר, אונד צו דעם איינגעבוירענעם אין דעם לאנד: 15 אונד אין דעם טאג ווען מען האט אויפגעשטעלט דאס משכן, אזוי האט דער וואלקען בעדעקט דאס משכן פון דעם געצעלט פון דעם צייגניס, אונד אין דעם אבענד איז געוועזען אויף דעם משכן גלייך אזוי וויא דאס געשטאלט פון פייער, ביז מארגען: 16 אזוי איז עס געוועזען שטענדיג, דער וואלקען האט עס בעדעקט, אונד דיא געשטאלט פון פייער ביי נאכט: 17 אונד נאכדעם ווען דער וואלקען איז אויפגעגאנגען פון דעם געצעלט, אזוי האבען דיא קינדער ישראל געצויגען, אונד אויף דעם ארט וואו דער וואלקען האט דארט גערוהט דארט האבען זיך דיא קינדער ישראל געלאגערט: 18 נאך דעם

יְהוָה יִסְעוּ בְּנֵי יִשְׂרָאֵל וְעַל־פִּי יְהוָה יַחֲנוּ כָּל־יְמֵי אֲשֶׁר
יִשְׁכֹּן הֶעָנָן עַל־הַמִּשְׁכָּן יַחֲנוּ׃ וּבְהַאֲרִיךְ הֶעָנָן עַל־הַמִּשְׁכָּן 19
יָמִים רַבִּים וְשָׁמְרוּ בְנֵי־יִשְׂרָאֵל אֶת־מִשְׁמֶרֶת יְהוָה וְלֹא
יִסָּעוּ׃ וְיֵשׁ אֲשֶׁר יִהְיֶה הֶעָנָן יָמִים מִסְפָּר עַל־הַמִּשְׁכָּן עַל־ כ
פִּי יְהוָה יַחֲנוּ וְעַל־פִּי יְהוָה יִסָּעוּ׃ וְיֵשׁ אֲשֶׁר יִהְיֶה הֶעָנָן 21
מֵעֶרֶב עַד־בֹּקֶר וְנַעֲלָה הֶעָנָן בַּבֹּקֶר וְנָסָעוּ אוֹ יוֹמָם וָלַיְלָה
וְנַעֲלָה הֶעָנָן וְנָסָעוּ׃ אוֹ־יֹמַיִם אוֹ־חֹדֶשׁ אוֹ־יָמִים בְּהַאֲרִיךְ 22
הֶעָנָן עַל־הַמִּשְׁכָּן לִשְׁכֹּן עָלָיו יַחֲנוּ בְנֵי־יִשְׂרָאֵל וְלֹא יִסָּעוּ
וּבְהֵעָלֹתוֹ יִסָּעוּ׃ עַל־פִּי יְהוָה יַחֲנוּ וְעַל־פִּי יְהוָה יִסָּעוּ אֶת־ 23
מִשְׁמֶרֶת יְהוָה שָׁמָרוּ עַל־פִּי יְהוָה בְּיַד־מֹשֶׁה׃ פ

י

וַיְדַבֵּר יְהוָה אֶל־מֹשֶׁה לֵּאמֹר׃ עֲשֵׂה לְךָ שְׁתֵּי חֲצוֹצְרֹת א 2
כֶּסֶף מִקְשָׁה תַּעֲשֶׂה אֹתָם וְהָיוּ לְךָ לְמִקְרָא הָעֵדָה וּלְמַסַּע
אֶת־הַמַּחֲנוֹת׃ וְתָקְעוּ בָּהֵן וְנוֹעֲדוּ אֵלֶיךָ כָּל־הָעֵדָה אֶל־ 3
פֶּתַח אֹהֶל מוֹעֵד׃ וְאִם־בְּאַחַת יִתְקָעוּ וְנוֹעֲדוּ אֵלֶיךָ 4
הַנְּשִׂיאִים רָאשֵׁי אַלְפֵי יִשְׂרָאֵל׃ וּתְקַעְתֶּם תְּרוּעָה וְנָסְעוּ ה
הַמַּחֲנוֹת הַחֹנִים קֵדְמָה׃ וּתְקַעְתֶּם תְּרוּעָה שֵׁנִית וְנָסְעוּ 6
הַמַּחֲנוֹת הַחֹנִים תֵּימָנָה תְּרוּעָה יִתְקְעוּ לְמַסְעֵיהֶם׃
וּבְהַקְהִיל אֶת־הַקָּהָל תִּתְקְעוּ וְלֹא תָרִיעוּ׃ וּבְנֵי אַהֲרֹן 7 8
הַכֹּהֲנִים יִתְקְעוּ בַּחֲצֹצְרוֹת וְהָיוּ לָכֶם לְחֻקַּת עוֹלָם
לְדֹרֹתֵיכֶם׃ וְכִי־תָבֹאוּ מִלְחָמָה בְּאַרְצְכֶם עַל־הַצַּר הַצֹּרֵר 9
אֶתְכֶם וַהֲרֵעֹתֶם בַּחֲצֹצְרֹת וְנִזְכַּרְתֶּם לִפְנֵי יְהוָה אֱלֹהֵיכֶם
וְנוֹשַׁעְתֶּם מֵאֹיְבֵיכֶם׃ וּבְיוֹם שִׂמְחַתְכֶם וּבְמוֹעֲדֵיכֶם י
וּבְרָאשֵׁי חָדְשֵׁיכֶם וּתְקַעְתֶּם בַּחֲצֹצְרֹת עַל עֹלֹתֵיכֶם וְעַל
זִבְחֵי שַׁלְמֵיכֶם וְהָיוּ לָכֶם לְזִכָּרוֹן לִפְנֵי אֱלֹהֵיכֶם אֲנִי
יְהוָה אֱלֹהֵיכֶם׃ פ
וַיְהִי בַּשָּׁנָה הַשֵּׁנִית בַּחֹדֶשׁ הַשֵּׁנִי בְּעֶשְׂרִים בַּחֹדֶשׁ נַעֲלָה 11

וָוארְט פוּן גָאט הָאבֶּען דִיא קִינְדֶער
יִשְׂרָאֵל גֶעצוֹיגֶען, אוּנְד נָאךְ דֶעם וָוארְט
פוּן גָאט הָאבֶּען זַייא זִיךְ גֶעלַאגֶערְט,
אַלֶע טֶעג וָוען דֶער וָואלְקֶען הָאט גֶערוּהְט
אוֹיף דֶעם מִשְׁכָּן הָאבֶּען זַייא זִיךְ גֶע־
לַאגֶערְט: 19 אוּנְד וָוען דֶער וָואלְקֶען
הָאט אַ לַאנְגֶע צַייט גֶערוּהְט אַזוֹי הָאבֶּען
דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל גֶעהִיט דִיא הִיטוּנְג
פוּן גָאט, אוּנְד זַייא הָאבֶּען נִיט גֶעצוֹיגֶען:
20 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען וָוען דֶער
וָואלְקֶען אִיז גֶעוֶועזֶען אַ לַאנְגֶע צַייט
אוֹיף דֶעם מִשְׁכָּן, נָאךְ דֶעם וָוארְט פוּן
גָאט הָאבֶּען זַייא זִיךְ גֶעלַאגֶערְט, אוּנְד
נָאךְ דֶעם וָוארְט פוּן גָאט הָאבֶּען זַייא
גֶעצוֹיגֶען: 21 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען,
וָוען דֶער וָואלְקֶען אִיז גֶעוֶועזֶען פוּן
אָבֶּענְד בִּיז מָארְגֶען, אוּנְד דֶער וָואלְקֶען
אִיז אוֹיפְגֶעגַאנְגֶען אִין דֶעם מָארְגֶען אַזוֹי
הָאבֶּען זַייא גֶעצוֹיגֶען, אָדֶער בַּייא טָאג
אָדֶער בַּייא נַאכְט, וָוען דֶער וָואלְקֶען
אִיז אוֹיפְגֶעגַאנְגֶען אַזוֹי הָאבֶּען זַייא גֶע־
צוֹיגֶען: 22 אָדֶער צְוֶוייא טֶעג, אָדֶער
אַ חוֹדֶשׁ אָדֶער אַ לַאנְגֶע צַייט, וָוען דֶער
וָואלְקֶען הָאט זִיךְ לַאנְג גֶעזוֹימְט אוֹיף
דֶעם מִשְׁכָּן אוֹיף אִיהְם צוּ רוּהֶען, הָאבֶּען
דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל זִיךְ גֶעלַאגֶערְט, אוּנְד
זַייא הָאבֶּען נִיט גֶעצוֹיגֶען, אָבֶּער וָוען עֶר אִיז אוֹיפְגֶעגַאנְגֶען הָאבֶּען זַייא גֶעצוֹיגֶען:
23 נָאךְ דֶעם וָוארְט פוּן גָאט הָאבֶּען זַייא זִיךְ גֶעלַאגֶערְט, אוּנְד נָאךְ דֶעם וָוארְט פוּן
גָאט הָאבֶּען זַייא גֶעצוֹיגֶען, דִיא הִיטוּנְג פוּן גָאט הָאבֶּען זַייא גֶעהִיט, נָאךְ דֶעם וָוארְט
פוּן גָאט דוּרְךְ מֹשֶׁה:

## קאפיטעל י

1 אוּנְד גָאט הָאט גֶערֶעט צוּ מֹשֶׁה אַזוֹי צוּ זָאגֶען: 2 מַאךְ דִיר צְוֶוייא זִילְבֶּערְנֶע
טְרָאמְפֵּייטֶען, גֶעהַאמֶערְט וֶוערְק זָאלְסְט דוּא זַייא מַאכֶען, אוּנְד זַייא זָאלֶען זַיין פַאר
דִיר דִיא גֶעמֵיינְדֶע צוּ רוּפֶען, אוּנְד צוּ מַאכֶען צִיהֶען דִיא מַחֲנוֹת: 3 אוּנְד וָוען זַייא
וֶועלֶען בְּלָאזֶען מִיט זַייא, אַזוֹי זָאלֶען זִיךְ צוּ דִיר דִיא גַאנְצֶע גֶעמֵיינְדֶע פֶערְזַאמֶעלְן,
צוּ דִיא טִיר פוּן דֶעם גֶעצֶעלְט פוּן דִיא פֶערְזַאמְלוּנְג: 4 אוּנְד וָוען זַייא וֶועלֶען בְּלָאזֶען
מִיט אֵיינֶעם, אַזוֹי זָאלֶען זִיךְ צוּ דִיר דִיא פִירְשְׁטֶען פֶערְזַאמֶעלְן, דִיא הוֹיפְּטלֵייט פוּן
דִיא טוֹיזֶענְדֶע פוּן יִשְׂרָאֵל: 5 אוּנְד וָוען אִיהְר וֶועט בְּלָאזֶען אַ שַׁאלוּנְג (תְּרוּעָה) אַזוֹי
זָאלֶען דִיא מַחֲנוֹת צִיהֶען פוּן דִיא וָואס לַאגֶערְן זִיךְ קֶעגֶען מִזְרָח זַייט: 6 אוּנְד וָוען
אִיהְר וֶועט בְּלָאזֶען אַ צְוֶוייטֶע תְּרוּעָה אַזוֹי זָאלֶען דִיא מַחֲנוֹת צִיהֶען פוּן דִיא וָואס
לַאגֶערְן זִיךְ קֶעגֶען דָרוֹם צוּ, זַייא זָאלֶען בְּלָאזֶען אַ שַׁאלוּנְג צוּ זֵיירֶע צִיהוּנְגֶען:
7 אוּנְד וָוען מֶען וֶועט אֵיינְזַאמֶעלְן דִיא פֶערְזַאמְלוּנְג אַזוֹי זָאלְט אִיהְר בְּלָאזֶען אוּנְד
אִיהְר זָאלְט נִיט שַׁאלֶען: 8 אוּנְד דִיא זִיהְן פוּן אַהֲרֹן, דִיא כֹּהֲנִים זָאלֶען בְּלָאזֶען מִיט
דִיא טְרָאמְפֵּייטֶען, אוּנְד עֶס זָאל זַיין צוּ אֵייךְ אֵיין אֵייבִּיגֶעם גֶעזֶעטְץ צוּ אֵיירֶע גֶע־
שְׁלֶעכְטֶער: 9 אוּנְד וָוען עֶס וֶועט קוּמֶען אַ מִלְחָמָה אִין אֵייעֶר לַאנְד קֶעגֶען דֶעם
פֵיינְד וָואס דְרֶענְגְט אֵייךְ, אַזוֹי זָאלְט אִיהְר שַׁאלֶען מִיט דִיא טְרָאמְפֵּייטֶען, אוּנְד אִיהְר
וֶועט גֶעדֶענְקְט וֶוערֶען פַאר דֶעם הַאר אֵייעֶר גָאט, אוּנְד אִיהְר וֶועט גֶעהָאלְפֶען וֶוערֶען
פוּן אֵיירֶע פֵיינְד: 10 אוּנְד אִין דֶעם טָאג פוּן אֵיירֶע פְרֵייד, אוּנְד אִין אֵיירֶע בֶּע־
שְׁטִימְטֶע צֵייטֶען, אוּנְד אִין דֶעם אָנְפַאנְג פוּן אֵיירֶע חֳדָשִׁים, אַזוֹי זָאלְט אִיהְר בְּלָאזֶען
מִיט אֵיירֶע טְרָאמְפֵּייטֶען, אִיבֶּער אֵיירֶע בְּרַאנְד אָפְּפֶער אוּנְד אִיבֶּער אֵיירֶע פְרִיד
אָפְּפֶער, אַזוֹי זָאלֶען זַייא צוּ אֵייךְ זַיין פַאר אַ גֶעדֶעכְטְנִיס פָאר אֵייעֶר גָאט, אִיךְ בִּין
דֶער הַאר אֵייעֶר גָאט: 11 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אִין דֶעם אַנְדֶערֶען יָאהְר אִין
דֶעם אַנְדֶערֶען חוֹדֶשׁ אִין דֶעם צְוַואנְצִיגְסְטֶען פוּן דֶעם חוֹדֶשׁ, אִיז דֶער וָואלְקֶען אוֹיפְגֶעגַאנְגֶען
פוּן

12 הֶעָנָן מֵעַל מִשְׁכַּן הָעֵדֻת׃ וַיִּסְעוּ בְנֵי־יִשְׂרָאֵל לְמַסְעֵיהֶם
13 מִמִּדְבַּר סִינָי וַיִּשְׁכֹּן הֶעָנָן בְּמִדְבַּר פָּארָן׃ וַיִּסְעוּ בָּרִאשֹׁנָה
14 עַל־פִּי יְהוָה בְּיַד־מֹשֶׁה׃ וַיִּסַּע דֶּגֶל מַחֲנֵה בְנֵי־יְהוּדָה
סו בָּרִאשֹׁנָה לְצִבְאֹתָם וְעַל־צְבָאוֹ נַחְשׁוֹן בֶּן־עַמִּינָדָב׃ וְעַל־
16 צְבָא מַטֵּה בְּנֵי יִשָּׂשכָר נְתַנְאֵל בֶּן־צוּעָר׃ וְעַל־צְבָא מַטֵּה
17 בְּנֵי זְבוּלֻן אֱלִיאָב בֶּן־חֵלֹן׃ וְהוּרַד הַמִּשְׁכָּן וְנָסְעוּ בְנֵי־
18 גֵרְשׁוֹן וּבְנֵי מְרָרִי נֹשְׂאֵי הַמִּשְׁכָּן׃ וְנָסַע דֶּגֶל מַחֲנֵה רְאוּבֵן
19 לְצִבְאֹתָם וְעַל־צְבָאוֹ אֱלִיצוּר בֶּן־שְׁדֵיאוּר׃ וְעַל־צְבָא מַטֵּה
כ בְּנֵי שִׁמְעוֹן שְׁלֻמִיאֵל בֶּן־צוּרִישַׁדָּי׃ וְעַל־צְבָא מַטֵּה בְנֵי־
21 גָד אֶלְיָסָף בֶּן־דְּעוּאֵל׃ וְנָסְעוּ הַקְּהָתִים נֹשְׂאֵי הַמִּקְדָּשׁ
22 וְהֵקִימוּ אֶת־הַמִּשְׁכָּן עַד־בֹּאָם׃ וְנָסַע דֶּגֶל מַחֲנֵה בְנֵי־
23 אֶפְרַיִם לְצִבְאֹתָם וְעַל־צְבָאוֹ אֱלִישָׁמָע בֶּן־עַמִּיהוּד׃ וְעַל־
24 צְבָא מַטֵּה בְּנֵי מְנַשֶּׁה גַּמְלִיאֵל בֶּן־פְּדָהצוּר׃ וְעַל־צְבָא
כה מַטֵּה בְּנֵי בִנְיָמִן אֲבִידָן בֶּן־גִּדְעוֹנִי׃ וְנָסַע דֶּגֶל מַחֲנֵה בְנֵי־
דָן מְאַסֵּף לְכָל־הַמַּחֲנֹת לְצִבְאֹתָם וְעַל־צְבָאוֹ אֲחִיעֶזֶר
26 בֶּן־עַמִּישַׁדָּי׃ וְעַל־צְבָא מַטֵּה בְּנֵי אָשֵׁר פַּגְעִיאֵל בֶּן־
27 28 עָכְרָן׃ וְעַל־צְבָא מַטֵּה בְּנֵי נַפְתָּלִי אֲחִירַע בֶּן־עֵינָן׃ אֵלֶּה
29 מַסְעֵי בְנֵי־יִשְׂרָאֵל לְצִבְאֹתָם וַיִּסָּעוּ׃ ס וַיֹּאמֶר
מֹשֶׁה לְחֹבָב בֶּן־רְעוּאֵל הַמִּדְיָנִי חֹתֵן מֹשֶׁה נֹסְעִים ׀
אֲנַחְנוּ אֶל־הַמָּקוֹם אֲשֶׁר אָמַר יְהוָה אֹתוֹ אֶתֵּן לָכֶם לְכָה
ל אִתָּנוּ וְהֵטַבְנוּ לָךְ כִּי־יְהוָה דִּבֶּר־טוֹב עַל־יִשְׂרָאֵל׃ וַיֹּאמֶר
אֵלָיו לֹא אֵלֵךְ כִּי אִם־אֶל־אַרְצִי וְאֶל־מוֹלַדְתִּי אֵלֵךְ׃
31 וַיֹּאמֶר אַל־נָא תַּעֲזֹב אֹתָנוּ כִּי ׀ עַל־כֵּן יָדַעְתָּ חֲנֹתֵנוּ בַּמִּדְבָּר
32 וְהָיִיתָ לָּנוּ לְעֵינָיִם׃ וְהָיָה כִּי־תֵלֵךְ עִמָּנוּ וְהָיָה ׀ הַטּוֹב
33 הַהוּא אֲשֶׁר יֵיטִיב יְהוָה עִמָּנוּ וְהֵטַבְנוּ לָךְ׃ וַיִּסְעוּ מֵהַר
יְהוָה דֶּרֶךְ שְׁלֹשֶׁת יָמִים וַאֲרוֹן בְּרִית־יְהוָה נֹסֵעַ לִפְנֵיהֶם
34 דֶּרֶךְ שְׁלֹשֶׁת יָמִים לָתוּר לָהֶם מְנוּחָה׃ וַעֲנַן יְהוָה

פוּן דֶעם מִשְׁכָּן פוּן דֶעם צֵייגְנִיס: 12 אוּנְד דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל הָאבֶּען גֶעצוֹיגֶען אִין זֵיירֶע צִיהוּנְגֶען, פוּן דֶער מִדְבָּר סִינַי, אוּנְד דֶער וָואלְקֶען הָאט גֶערוּהְט אִין דֶער מִדְבָּר פָּרָן: 13 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען צוּם עֶרְשְׁטֶען מָאל נָאךְ דֶעם בֶּעפֶעל פוּן גָאט דוּרךְ מֹשֶׁה גֶעצוֹיגֶען: 14 אוּנְד דֶער פָאהְן פוּן דֶער מַחֲנֶה פוּן דִיא קִינְדֶער יְהוּדָה הָאט גֶעצוֹיגֶען צוּ עֶרְשְׁט צוּ זֵיינֶע הֶערְשַׁארֶען, אוּנְד אִיבֶּער זֵיינֶע הֶערְשַׁאר אִיז גֶעוֶועזֶען נַחְשׁוֹן זוּהְן פוּן עַמִּינָדָב: 15 אוּנְד אִיבֶּער דֶער הֶערְשַׁאר פוּן דֶעם שֵׁבֶט פוּן דִיא קִינְדֶער יִשָּׂשׂכָר, אִיז גֶעוֶועזֶען נְתַנְאֵל זוּהְן פוּן צוּעַר: 16 אוּנְד אִיבֶּער דִיא הֶערְשַׁאר פוּן דֶעם שֵׁבֶט פוּן דִיא קִינְדֶער זְבוּלֻן אִיז גֶעוֶועזֶען אֱלִיאָב זוּהְן פוּן חֵלֹן: 17 אוּנְד דָאס מִשְׁכָּן אִיז אַרוּנְטֶער גֶענוּמֶען גֶעוָוארֶען, אוּנְד דִיא קִינְדֶער גֵּרְשׁוֹן אוּנְד דִיא קִינְדֶער מְרָרִי הָאבֶּען גֶעצוֹיגֶען, וָואס הָאבֶּען גֶעטְרָאגֶען דָאס מִשְׁכָּן: 18 אוּנְד דֶער פָאהְן פוּן דֶער מַחֲנֶה פוּן רְאוּבֵן הָאט גֶעצוֹיגֶען נָאךְ זֵיירֶע הֶערְשַׁארֶען, אוּנְד אִיבֶּער זֵיינֶע הֶערְשַׁאר וַואר אֱלִיצוּר זוּהְן פוּן שְׁדֵיאוּר: 19 אוּנְד אִיבֶּער דֶער הֶערְשַׁאר פוּן דֶעם שֵׁבֶט דֶער קִינְדֶער פוּן שִׁמְעוֹן וַואר שְׁלֻמִיאֵל זוּהְן פוּן צוּרִישַׁדָּי: 20 אוּנְד אִיבֶּער דֶער הֶערְשַׁאר פוּן דֶעם שֵׁבֶט דֶער קִינְדֶער גָד וַואר אֶלְיָסָף זוּהְן פוּן דְעוּאֵל: 21 אוּנְד דִיא קְהָתִים וָואס הָאבֶּען גֶעטְרָאגֶען דִיא הֵיילִיגֶע זַאכֶען הָאבֶּען גֶעצוֹיגֶען אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אוֹיפְגֶעשְׁטֶעלְט דָאס מִשְׁכָּן בִּיז (דִיא אַנְדֶערֶע) זֶענֶען אָנְגֶעקוּמֶען: 22 אוּנְד דֶער פָאהְן פוּן דֶער מַחֲנֶה דֶער קִינְדֶער פוּן אֶפְרַיִם הָאט גֶעצוֹיגֶען נָאךְ זֵיירֶע הֶערְשַׁארֶען, אוּנְד אִיבֶּער זֵיינֶע הֶערְשַׁאר וַואר אֱלִישָׁמָע זוּהְן פוּן עַמִּיהוּד: 23 אוּנְד אִיבֶּער דֶער הֶערְשַׁאר פוּן דֶעם שֵׁבֶט דֶער קִינְדֶער פוּן מְנַשֶּׁה וַואר גַּמְלִיאֵל זוּהְן פוּן פְּדָהצוּר: 24 אוּנְד אִיבֶּער דֶער הֶערְשַׁאר פוּן דֶעם שֵׁבֶט דֶער קִינְדֶער פוּן בִּנְיָמִין וַואר אֲבִידָן זוּהְן פוּן גִּדְעֹנִי: 25 אוּנְד דֶער פָאהְן פוּן דֶער מַחֲנֶה דֶער קִינְדֶער פוּן דָן הָאט גֶעצוֹיגֶען עֶר אִיז גֶעוֶועזֶען דֶער אֵיינְזַאמְלֶער פוּן אַלֶע מַחֲנוֹת צוּ זֵיירֶע הֶערְשַׁארֶען, אוּנְד אִיבֶּער זֵיינֶע הֶערְשַׁאר וַואר אֲחִיעֶזֶר זוּהְן פוּן עַמִּישַׁדָּי: 26 אוּנְד אִיבֶּער דֶער הֶערְשַׁאר פוּן דֶעם שֵׁבֶט דֶער קִינְדֶער פוּן אָשֵׁר וַואר פַּגְעִיאֵל זוּהְן פוּן עָכְרָן: 27 אוּנְד אִיבֶּער דֶער הֶערְשַׁאר פוּן דֶעם שֵׁבֶט דֶער קִינְדֶער נַפְתָּלִי וַואר אֲחִירַע זוּהְן פוּן עֵינָן: 28 דִיא דָאזִיגֶע וַוארֶען דִיא צִיהוּנְגֶען פוּן דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל צוּ זֵיירֶע הֶערְשַׁארֶען, אוּנְד אַזוֹי הָאבֶּען זֵייא גֶעצוֹיגֶען: 29 אוּנְד מֹשֶׁה הָאט גֶעזָאגְט צוּ חֹבָב זוּהְן פוּן רְעוּאֵל דֶעם מִדְיָנִי, מֹשֶׁה'ס שְׁוֶוער, מִיר צִיהֶען צוּ דֶעם אָרְט וָואס גָאט הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ וֶועל עֶס צוּ אֵייךְ גֶעבֶּען, קוּם מִיט אוּנְס אוּנְד מִיר וֶועלֶען דִיר גוּטֶעס טְהוּן, וָוארִין גָאט הָאט גֶערֶעט גוּטֶעס וֶועגֶען יִשְׂרָאֵל: 30 אוּנְד עֶר הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, אִיךְ וִויל נִיט גֵיין, נֵייעֶרְט צוּ מֵיין לַאנְד אוּנְד צוּ מֵיין גֶעבּוּרְט וֶועל אִיךְ גֵיין: 31 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ בֶּעט דִיךְ, פֶערְלָאז אוּנְס נִיט, וָוארִין דוּא ווייסְט אוּנְזֶערֶע רוּהוּנְגֶען אִין דֶער מִדְבָּר אַזוֹי זָאלְסְט דוּא צוּ אוּנְס זֵיין אַלְס אוֹיגֶען: 32 אוּנְד עֶס וֶועט זֵיין וֶוען דוּא וֶועסְט מִיט אוּנְס גֵיין, אַזוֹי זָאל דָאסזֶעלְבִּיגֶע גוּטֶע וָואס גָאט וֶועט אוּנְס טְהוּן דִיר אוֹיךְ גֶעטְהוּן וֶוערֶען: 33 אוּנְד זֵייא זֶענֶען אַוֶועק גֶעצוֹיגֶען פוּן דֶעם בַּארְג פוּן גָאט, אַ וֶועג פוּן דְרֵייא טֶעג, אוּנְד דֶער אָרוֹן פוּן דֶעם בּוּנְד פוּן גָאט הָאט פַאר זֵייא גֶעצוֹיגֶען, אַ וֶועג פוּן דְרֵייא טֶעג, אוּם צוּ זוּכֶען פַאר זֵייא אַ רוּהוּנְגְס אָרְט: 34 אוּנְד דֶער וָואלְקֶען פוּן גָאט

איז איבער זייא געוועזען, ביים טאג ווען זייא פלעגען צו ציהען פון דער מַחֲנֶה:
35 אונד עס איז געוועזען ווען דער אָרון האט געצויגען, אַזוֹי האט מֹשֶׁה געזאגט, שטייא אויף, א גאט, אונד דיינע פיינד זאלען צושפּרייט ווערען, אונד דיינע שׂוֹנאִים זאלען ענטלויפען פאר דיין אנגעזיכט: 36 אונד ווען ער האט גערוהט האט ער געזאגט, קעהר צוריק, א גאט דיא צעהן טויזענדע פון יִשְׂרָאֵל:

קאפיטעל יא

1 אונד עס איז געוועזען ווען דאס פאלק האט זיך בעקלאגט, אַזוֹי איז עס איבעל געפאלען אין דיא אויערען פון גאט, אונד ווען גאט האט עס געהערט אַזוֹי האט זיין צארן דערגרימט, אונד עס האט צווישען זייא געברענט א פייער פון גאט, אונד האט זייא פערצעהרט ביז צום עק פון דער מַחֲנֶה: 2 אונד דאס פאלק האט געשריגען צו מֹשֶׁה, אונד מֹשֶׁה האט געבעטען צו גאט אַזוֹי איז דאס פייער פערלאשען געווארען: 3 אונד ער האט גערופען דעם נאמען פון דעם ארט תַּבְעֵרָה, ווארין עס האט אין זייא געברענט א פייער פון גאט: 4 אונד דאס געמישטע פאלק וואס איז צווישען זייא געוועזען האבען געגליסט א גליסטונג, אונד דיא קינדער יִשְׂרָאֵל האבען ווידער געקעהרט, אונד זייא האבען אויך געוויינט, אונד האבען געזאגט, ווער וועט אונס געבען פלייש צו עסען? 5 מיר געדענקען דיא פיש וואס מיר פלעגען עסען אין מִצְרַיִם בְּחִנָּם, דיא גורקען אונד מעלאנען, אונד דאס קרויט, אונד דיא ציבעלעס אונד קנאבעל: 6 אונד אצונד זענען אונזערע לייבער פערדארט, אונד עס איז גאר ניט דא, נייערט דער מָן איז פאר אונזערע אויגען: 7 אונד דער מָן איז געוועזען וויא זאמען פון גליינדער, אונד זיינע געשטאלט וויא קריסטאל: 8 דאס פאלק האט זיך פערשפּרייט אונד זייא האבען געקליבען, אונד האבען עס געמאלען אין א מיהל, אדער געשטויסען אין א שטייסעל, אונד זייא האבען עס געקאכט אין טעפּ אונד האבען דארויס געמאכט קוכען, אונד זיין טעם איז געוועזען וויא דער טעם פון איין אייל קוכען: 9 אונד ווען דער טהוי (טַל) איז ארונטערגעקומען אויף דער מַחֲנֶה ביים נאכט, אַזוֹי איז דער מָן אויף איהם ארונטער געקומען: 10 אונד מֹשֶׁה האט געהערט דאס פאלק וויינען נאך זיירע מִשְׁפָּחוֹת איטליכער אין דער טיר פון זיין געצעלט. אונד דער צארן פון גאט האט זעהר געגרימט, אונד דאס איז איבעל געפאלען אין דיא אויגען פון מֹשֶׁה: 11 אונד מֹשֶׁה האט געזאגט צו גאט, ווארום האסט דוא שלעכטעס געטהון צו דיין קנעכט? אונד ווארום האב איך ניט געפונען גנאד אין דיינע אויגען? אַז דוא האסט דיא מַשָּׂא פון דעם דאזיגען גאנצען פאלק אויף מיר געלייגט: 12 האב איך דען געטראגען דאס דאזיגע גאנצע פאלק? אדער האב איך עס געבוירען? אַז דוא זאגסט צו מיר טראג זייא אין דיין שׂוֹים, אַזוֹי וויא א זייג־אם טראגט א זייגלינג, אויף דעם לאנד וואס דוא האסט געשווארען צו זיינע אָבוֹת: 13 פון וואנען זאל איך נעמען פלייש צו דעם דאזיגען גאנצען פאלק צו געבען? ווארין זייא וויינען איבער מיר, אונד זאגען גיב אונס פלייש אַז מיר זאלען עסען: 14 איך בין ניט אים שטאנד אליין צו טראגען דאס דאזיגע גאנצע פאלק, ווארין עס איז צו שווער פאר מיר: 15 אונד ווען

עֲלֵיהֶם יוֹמָם בְּנָסְעָם מִן־הַמַּחֲנֶה: ׆ ס וַיְהִי בִּנְסֹעַ לה
הָאָרֹן וַיֹּאמֶר מֹשֶׁה קוּמָה ׀ יְהוָֹה וְיָפֻצוּ אֹיְבֶיךָ וְיָנֻסוּ
מְשַׂנְאֶיךָ מִפָּנֶיךָ: וּבְנֻחֹה יֹאמַר שׁוּבָה יְהוָֹה רִבְבוֹת 36
אַלְפֵי יִשְׂרָאֵל: ׆ פ

יא

וַיְהִי הָעָם כְּמִתְאֹנְנִים רַע בְּאָזְנֵי יְהוָֹה וַיִּשְׁמַע יְהוָֹה וַיִּחַר א
אַפּוֹ וַתִּבְעַר־בָּם אֵשׁ יְהוָֹה וַתֹּאכַל בִּקְצֵה הַמַּחֲנֶה:
וַיִּצְעַק הָעָם אֶל־מֹשֶׁה וַיִּתְפַּלֵּל מֹשֶׁה אֶל־יְהוָֹה וַתִּשְׁקַע 2
הָאֵשׁ: וַיִּקְרָא שֵׁם־הַמָּקוֹם הַהוּא תַּבְעֵרָה כִּי־בָעֲרָה בָם 3
אֵשׁ יְהוָֹה: וְהָאסַפְסֻף אֲשֶׁר בְּקִרְבּוֹ הִתְאַוּוּ תַּאֲוָה וַיָּשֻׁבוּ 4
וַיִּבְכּוּ גַּם בְּנֵי יִשְׂרָאֵל וַיֹּאמְרוּ מִי יַאֲכִלֵנוּ בָּשָׂר: זָכַרְנוּ ה
אֶת־הַדָּגָה אֲשֶׁר־נֹאכַל בְּמִצְרַיִם חִנָּם אֵת הַקִּשֻּׁאִים וְאֵת
הָאֲבַטִּחִים וְאֶת־הֶחָצִיר וְאֶת־הַבְּצָלִים וְאֶת־הַשּׁוּמִים:
וְעַתָּה נַפְשֵׁנוּ יְבֵשָׁה אֵין כֹּל בִּלְתִּי אֶל־הַמָּן עֵינֵינוּ: וְהַמָּן 6 7
כִּזְרַע־גַּד הוּא וְעֵינוֹ כְּעֵין הַבְּדֹלַח: שָׁטוּ הָעָם וְלָקְטוּ 8
וְטָחֲנוּ בָרֵחַיִם אוֹ דָכוּ בַּמְּדֹכָה וּבִשְּׁלוּ בַּפָּרוּר וְעָשׂוּ אֹתוֹ
עֻגוֹת וְהָיָה טַעְמוֹ כְּטַעַם לְשַׁד הַשָּׁמֶן: וּבְרֶדֶת הַטַּל 9
עַל־הַמַּחֲנֶה לָיְלָה יֵרֵד הַמָּן עָלָיו: וַיִּשְׁמַע מֹשֶׁה אֶת־ י
הָעָם בֹּכֶה לְמִשְׁפְּחֹתָיו אִישׁ לְפֶתַח אָהֳלוֹ וַיִּחַר־אַף יְהוָֹה
מְאֹד וּבְעֵינֵי מֹשֶׁה רָע: וַיֹּאמֶר מֹשֶׁה אֶל־יְהוָֹה לָמָה 11
הֲרֵעֹתָ לְעַבְדֶּךָ וְלָמָּה לֹא־מָצָתִי חֵן בְּעֵינֶיךָ לָשׂוּם אֶת־
מַשָּׂא כָּל־הָעָם הַזֶּה עָלָי: הֶאָנֹכִי הָרִיתִי אֵת כָּל־הָעָם 12
הַזֶּה אִם־אָנֹכִי יְלִדְתִּיהוּ כִּי־תֹאמַר אֵלַי שָׂאֵהוּ בְחֵיקֶךָ
כַּאֲשֶׁר יִשָּׂא הָאֹמֵן אֶת־הַיֹּנֵק עַל הָאֲדָמָה אֲשֶׁר נִשְׁבַּעְתָּ
לַאֲבֹתָיו: מֵאַיִן לִי בָּשָׂר לָתֵת לְכָל־הָעָם הַזֶּה כִּי־יִבְכּוּ 13
עָלַי לֵאמֹר תְּנָה־לָּנוּ בָשָׂר וְנֹאכֵלָה: לֹא־אוּכַל אָנֹכִי 14
לְבַדִּי לָשֵׂאת אֶת־כָּל־הָעָם הַזֶּה כִּי כָבֵד מִמֶּנִּי: וְאִם־ טו

כָּכָה ׀ אַתְּ־עֹשֶׂה לִּי הָרְגֵנִי נָא הָרֹג אִם־מָצָאתִי חֵן בְּעֵינֶיךָ
וְאַל־אֶרְאֶה בְּרָעָתִי׃ פ
16 וַיֹּאמֶר יְהוָה אֶל־מֹשֶׁה אֶסְפָה־לִּי שִׁבְעִים אִישׁ מִזִּקְנֵי
יִשְׂרָאֵל אֲשֶׁר יָדַעְתָּ כִּי־הֵם זִקְנֵי הָעָם וְשֹׁטְרָיו וְלָקַחְתָּ
17 אֹתָם אֶל־אֹהֶל מוֹעֵד וְהִתְיַצְּבוּ שָׁם עִמָּךְ׃ וְיָרַדְתִּי וְדִבַּרְתִּי
עִמְּךָ שָׁם וְאָצַלְתִּי מִן־הָרוּחַ אֲשֶׁר עָלֶיךָ וְשַׂמְתִּי עֲלֵיהֶם
18 וְנָשְׂאוּ אִתְּךָ בְּמַשָּׂא הָעָם וְלֹא־תִשָּׂא אַתָּה לְבַדֶּךָ׃ וְאֶל־
הָעָם תֹּאמַר הִתְקַדְּשׁוּ לְמָחָר וַאֲכַלְתֶּם בָּשָׂר כִּי בְּכִיתֶם
בְּאָזְנֵי יְהוָה לֵאמֹר מִי יַאֲכִלֵנוּ בָּשָׂר כִּי־טוֹב לָנוּ בְּמִצְרָיִם
19 וְנָתַן יְהוָה לָכֶם בָּשָׂר וַאֲכַלְתֶּם׃ לֹא יוֹם אֶחָד תֹּאכְלוּן
וְלֹא יוֹמָיִם וְלֹא ׀ חֲמִשָּׁה יָמִים וְלֹא עֲשָׂרָה יָמִים וְלֹא
כ עֶשְׂרִים יוֹם׃ עַד ׀ חֹדֶשׁ יָמִים עַד אֲשֶׁר־יֵצֵא מֵאַפְּכֶם וְהָיָה
לָכֶם לְזָרָא יַעַן כִּי־מְאַסְתֶּם אֶת־יְהוָה אֲשֶׁר בְּקִרְבְּכֶם
21 וַתִּבְכּוּ לְפָנָיו לֵאמֹר לָמָּה זֶּה יָצָאנוּ מִמִּצְרָיִם׃ וַיֹּאמֶר
מֹשֶׁה שֵׁשׁ־מֵאוֹת אֶלֶף רַגְלִי הָעָם אֲשֶׁר אָנֹכִי בְּקִרְבּוֹ
22 וְאַתָּה אָמַרְתָּ בָּשָׂר אֶתֵּן לָהֶם וְאָכְלוּ חֹדֶשׁ יָמִים׃ הֲצֹאן
וּבָקָר יִשָּׁחֵט לָהֶם וּמָצָא לָהֶם אִם אֶת־כָּל־דְּגֵי הַיָּם יֵאָסֵף
לָהֶם וּמָצָא לָהֶם׃ פ
23 וַיֹּאמֶר יְהוָה אֶל־מֹשֶׁה הֲיַד יְהוָה תִּקְצָר עַתָּה תִרְאֶה
24 הֲיִקְרְךָ דְבָרִי אִם־לֹא׃ וַיֵּצֵא מֹשֶׁה וַיְדַבֵּר אֶל־הָעָם אֵת
דִּבְרֵי יְהוָה וַיֶּאֱסֹף שִׁבְעִים אִישׁ מִזִּקְנֵי הָעָם וַיַּעֲמֵד אֹתָם
כה סְבִיבֹת הָאֹהֶל׃ וַיֵּרֶד יְהוָה ׀ בֶּעָנָן וַיְדַבֵּר אֵלָיו וַיָּאצֶל
מִן־הָרוּחַ אֲשֶׁר עָלָיו וַיִּתֵּן עַל־שִׁבְעִים אִישׁ הַזְּקֵנִים וַיְהִי
26 כְּנוֹחַ עֲלֵיהֶם הָרוּחַ וַיִּתְנַבְּאוּ וְלֹא יָסָפוּ׃ וַיִּשָּׁאֲרוּ שְׁנֵי־
אֲנָשִׁים ׀ בַּמַּחֲנֶה שֵׁם הָאֶחָד ׀ אֶלְדָּד וְשֵׁם הַשֵּׁנִי מֵידָד
וַתָּנַח עֲלֵהֶם הָרוּחַ וְהֵמָּה בַּכְּתֻבִים וְלֹא יָצְאוּ הָאֹהֱלָה
27 וַיִּתְנַבְּאוּ בַּמַּחֲנֶה׃ וַיָּרָץ הַנַּעַר וַיַּגֵּד לְמֹשֶׁה וַיֹּאמַר אֶלְדָּד
28 וּמֵידָד מִתְנַבְּאִים בַּמַּחֲנֶה׃ וַיַּעַן יְהוֹשֻׁעַ בִּן־נוּן מְשָׁרֵת

דוּא ווילסְט מִיר אַזוֹי טְהוּן, בֶּעט אִיךְ דִיךְ אַז דוּא זָאלְסְט מִיךְ הַרְגֶענֶען, ווען אִיךְ הָאבּ גֶעפוּנֶען חֵן אִין דֵיינֶע אוֹיגֶען אַזוֹי לָאז מִיךְ נִיט זֶעהֶען מֵיין שְׁלֶעכְ־טֶעס:

16 אוּנְד גָאט הָאט גֶעזָאגְט צוּ מֹשֶׁה, זַאמֶעל מִיר אֵיין זִיבְּצִיג מֶענֶער פוּן דִיא עֶלְצְטֶע פוּן יִשְׂרָאֵל, ווָאס דוּא ווייסְט אַז זַייא זֶענֶען דִיא עֶלְצְטֶע פוּן דֶעם פָאלְק אוּנְד זַיירֶע בֶּעאַמְטֶע, אוּנְד דוּא זָאלְסְט זַייא נֶעמֶען צוּ דֶעם גֶעצֶעלְט פוּן דִיא פֶערְזַאמְלוּנְג, אוּנְד זַייא זָאלֶען זִיךְ דָארְט מִיט דִיר אַנִידֶערְשְׁטֶעלֶען: 17 אוּנְד אִיךְ וועל אַרוּפְּנִידֶערְן אוּנְד אִיךְ וועל מִיט דִיר דָארְט רֶעדֶען, אוּנְד אִיךְ וועל נֶעמֶען פוּן דֶעם רוּחַ ווָאס אִיז אוֹיף דִיר אוּנְד אִיךְ וועל אִיהם טְהוּן אוֹיף זַייא, אוּנְד זַייא ווֶעלֶען מִיט דִיר טְרָאגֶען דִיא מַשָׂא פוּן דֶעם פָאלְק, כְּדֵי דוּא זָאלְסְט עֶס נִיט אַלֵיין טְרָאגֶען: 18 אוּנְד צוּ דֶעם פָאלְק זָאלְסְט דוּא זָאגֶען, הֵיילִיגְט אֵייךְ אוֹיף מָארְגֶען, אוּנְד אִיהְר וועט עֶסֶען פְלֵיישׁ, ווָארִין אִיהְר הָאט גֶעווֵיינְט אִין דִיא אוֹירֶען פוּן גָאט אַזוֹי צוּ זָאגֶען, ווער וועט אוּנְס גֶעבֶּען פְלֵיישׁ צוּ עֶסֶען? ווָארִין עֶס אִיז אוּנְס בֶּעסֶער גֶעווֶעזֶען אִין מִצְרַיִם, דְרוּם וועט אֵייךְ גָאט גֶעבֶּען פְלֵיישׁ אוּנְד אִיהְר וועט עֶסֶען: 19 נִיט אֵיין טָאג אוּנְד נִיט צְווייא טֶעג וועט אִיהְר עֶסֶען, אוּנְד נִיט פִינְף טֶעג אוּנְד נִיט צֶעהְן טֶעג, אוּנְד אוֹיךְ נִיט צְוואַנְצִיג טֶעג: 20 בִּיז אַ חוֹדֶשׁ פוּן טֶעג, בִּיז עֶס וועט אַרוֹיסְגֵיין פוּן אֵיירֶע נָאזְלֶעכֶער, אוּנְד עֶס וועט פַאר אֵייךְ זַיין צוּ עֶקֶעל, ווייל אִיהְר הָאט פֶערְאוּמְווירְדִיגְט גָאט ווָאס אִיז צְווִישֶׁען אֵייךְ, אוּנְד אִיהְר הָאט פַאר אִיהם גֶעווֵיינְט אַזוֹי צוּ זָאגֶען, פַארְווָאס זֶענֶען מִיר אַרוֹיסְ־גֶעגַאנְגֶען פוּן מִצְרַיִם? 21 אוּנְד מֹשֶׁה הָאט גֶעזָאגְט, זֶעקְס מָאל הוּנְדֶערְט טוֹיזֶענְד צוּ פוּס אִיז דָאס פָאלְק צְווִישֶׁען וועלְכֶען אִיךְ בִּין, אוּנְד דוּא הָאסְט גֶעזָאגְט, אִיךְ וועל זַייא גֶעבֶּען פְלֵיישׁ, אוּנְד זַייא ווֶעלֶען עֶסֶען אַ גַאנְצֶען חוֹדֶשׁ: 22 ווֶען דִיא שָׁאף אוּנְד רִינְדֶער זָאלֶען פַאר זַייא גֶעשָׁאכְטֶען ווֶערֶען וועט דָאס פַאר זַייא גֶענוּג זַיין? אָדֶער ווֶען אַלֶע פִישׁ פוּן דֶעם יָם זָאלֶען פַאר זַייא אֵיינְגֶעזַאמֶעלְט ווֶערֶען וועט דָאס פַאר זַייא גֶענוּג זַיין? 23 אוּנְד גָאט הָאט גֶעזָאגְט צוּ מֹשֶׁה, אִיז דֶען גָאט'ס הַאנְד קוּרְץ? אַצוּנְד וועסְט דוּא זֶעהֶען אוֹיבּ מֵיינֶע ווערְטֶער ווֶעלֶען דִיךְ טְרֶעפֶען אָדֶער נִיט! 24 אוּנְד מֹשֶׁה אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען אוּנְד עֶר הָאט גֶערֶעט צוּ דֶעם פָאלְק דִיא ווערְטֶער פוּן גָאט, אוּנְד עֶר הָאט אֵיינְגֶעזַאמֶעלְט זִיבְּצִיג מֶענֶער פוּן דִיא עֶלְצְטֶע פוּן דֶעם פָאלְק, אוּנְד עֶר הָאט זַייא גֶעשְׁטֶעלְט אַרוּם דֶעם גֶעצֶעלְט: 25 אוּנְד גָאט הָאט אַרוּפְּגֶענִידֶערְט אִין דֶעם ווָאלְקֶען אוּנְד עֶר הָאט צוּ אִיהם גֶערֶעט, אוּנְד עֶר הָאט אָפְּגֶעשֵׁייד פוּן דֶעם רוּחַ ווָאס אִיז אוֹיף אִיהם גֶעווֶעזֶען אוּנְד הָאט אִיהם גֶעגֶעבֶּען אוֹיף דִיא זִיבְּצִיג מֶענֶער, דִיא זְקֵנִים, אוּנְד עֶס אִיז גֶעווֶעזֶען אַזוֹי לַאנְג ווִיא דֶער רוּחַ הָאט אוֹיף זַייא גֶערוּהְט הָאבֶּען זַייא נְבוּאוֹת גֶעזָאגְט, אָבֶּער נִיט לֶענְגֶער: 26 אוּנְד צְווייא מֶענֶער זֶענֶען אִיבֶּערְגֶעבְּלִי־בֶּען אִין דֶער מַחֲנֶה, דֶער נָאמֶען פוּן אֵיינֶעם אִיז גֶעווֶעזֶען אֶלְדָד אוּנְד דֶער נָאמֶען פוּן דֶעם אַנְדֶערְן מֵדָד, דֶער רוּחַ הָאט אוֹיף זַייא גֶערוּהְט, אוּנְד זַייא זֶענֶען גֶעווֶעזֶען צְווִישֶׁען דִיא אֵיינְגֶעשְׁרִיבֶּענֶע אוּנְד זַייא זֶענֶען נִיט אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען אוֹיס דֶעם גֶעצֶעלְט, נֵייעֶרְט זַייא הָאבֶּען נְבוּאוֹת גֶעזָאגְט אִין דֶער מַחֲנֶה: 27 אוּנְד דֶער יוּנְג אִיז גֶעלָאפֶען אוּנְד הָאט עֶס דֶערְצֵיילְט צוּ מֹשֶׁה אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, אֶלְדָד אוּנְד מֵדָד זָאגֶען נְבִיאוֹת אִין דֶער מַחֲנֶה: 28 אַזוֹי הָאט יְהוֹשֻׁעַ בִּן נוּן, דֶער מְשָׁרֵת פוּן מֹשֶׁה,

פון

מֹשֶׁה מִבְּחֻרָיו וַיֹּאמַר אֲדֹנִי מֹשֶׁה כְּלָאֵם׃ וַיֹּאמֶר לוֹ מֹשֶׁה 29
הַמְקַנֵּא אַתָּה לִי וּמִי יִתֵּן כָּל־עַם יְהוָה נְבִיאִים כִּי־יִתֵּן יְהוָה
אֶת־רוּחוֹ עֲלֵיהֶם׃ וַיֵּאָסֵף מֹשֶׁה אֶל־הַמַּחֲנֶה הוּא וְזִקְנֵי ל
יִשְׂרָאֵל׃ וְרוּחַ נָסַע ׀ מֵאֵת יְהוָה וַיָּגָז שַׂלְוִים מִן־הַיָּם וַיִּטֹּשׁ 31
עַל־הַמַּחֲנֶה כְּדֶרֶךְ יוֹם כֹּה וּכְדֶרֶךְ יוֹם כֹּה סְבִיבוֹת הַמַּחֲנֶה
וּכְאַמָּתַיִם עַל־פְּנֵי הָאָרֶץ׃ וַיָּקָם הָעָם כָּל־הַיּוֹם הַהוּא וְכָל־ 32
הַלַּיְלָה וְכֹל ׀ יוֹם הַמָּחֳרָת וַיַּאַסְפוּ אֶת־הַשְּׂלָו הַמַּמְעִיט אָסַף
עֲשָׂרָה חֳמָרִים וַיִּשְׁטְחוּ לָהֶם שָׁטוֹחַ סְבִיבוֹת הַמַּחֲנֶה׃
הַבָּשָׂר עוֹדֶנּוּ בֵּין שִׁנֵּיהֶם טֶרֶם יִכָּרֵת וְאַף יְהוָה חָרָה בָעָם 33
וַיַּךְ יְהוָה בָּעָם מַכָּה רַבָּה מְאֹד׃ וַיִּקְרָא אֶת־שֵׁם־הַמָּקוֹם 34
הַהוּא קִבְרוֹת הַתַּאֲוָה כִּי־שָׁם קָבְרוּ אֶת־הָעָם הַמִּתְאַוִּים׃
מִקִּבְרוֹת הַתַּאֲוָה נָסְעוּ הָעָם חֲצֵרוֹת וַיִּהְיוּ בַּחֲצֵרוֹת׃ פ לה

יב יב

וַתְּדַבֵּר מִרְיָם וְאַהֲרֹן בְּמֹשֶׁה עַל־אֹדוֹת הָאִשָּׁה הַכֻּשִׁית א
אֲשֶׁר לָקָח כִּי־אִשָּׁה כֻשִׁית לָקָח׃ וַיֹּאמְרוּ הֲרַק אַךְ־בְּמֹשֶׁה 2
דִּבֶּר יְהוָה הֲלֹא גַּם־בָּנוּ דִבֵּר וַיִּשְׁמַע יְהוָה׃ וְהָאִישׁ 3
מֹשֶׁה עָנָו מְאֹד מִכֹּל הָאָדָם אֲשֶׁר עַל־פְּנֵי הָאֲדָמָה׃ ס
וַיֹּאמֶר יְהוָה פִּתְאֹם אֶל־מֹשֶׁה וְאֶל־אַהֲרֹן וְאֶל־מִרְיָם 4
צְאוּ שְׁלָשְׁתְּכֶם אֶל־אֹהֶל מוֹעֵד וַיֵּצְאוּ שְׁלָשְׁתָּם׃ וַיֵּרֶד ה
יְהוָה בְּעַמּוּד עָנָן וַיַּעֲמֹד פֶּתַח הָאֹהֶל וַיִּקְרָא אַהֲרֹן וּמִרְיָם
וַיֵּצְאוּ שְׁנֵיהֶם׃ וַיֹּאמֶר שִׁמְעוּ־נָא דְבָרָי אִם־יִהְיֶה נְבִיאֲכֶם 6
יְהוָה בַּמַּרְאָה אֵלָיו אֶתְוַדָּע בַּחֲלוֹם אֲדַבֶּר־בּוֹ׃ לֹא־כֵן 7
עַבְדִּי מֹשֶׁה בְּכָל־בֵּיתִי נֶאֱמָן הוּא׃ פֶּה אֶל־פֶּה אֲדַבֶּר־ 8
בּוֹ וּמַרְאֶה וְלֹא בְחִידֹת וּתְמֻנַת יְהוָה יַבִּיט וּמַדּוּעַ לֹא
יְרֵאתֶם לְדַבֵּר בְּעַבְדִּי בְמֹשֶׁה׃ וַיִּחַר־אַף יְהוָה בָּם 9
וַיֵּלַךְ׃ וְהֶעָנָן סָר מֵעַל הָאֹהֶל וְהִנֵּה מִרְיָם מְצֹרַעַת כַּשָּׁלֶג י
וַיִּפֶן אַהֲרֹן אֶל־מִרְיָם וְהִנֵּה מְצֹרָעַת׃ וַיֹּאמֶר אַהֲרֹן אֶל־ 11

פון זיינע אויסדערוויילטע געענטפערט אונד געזאגט, מיין הער משה פארביט זייא: 29 אונד משה האט צו איהם געזאגט, ווילסט דוא דיך וועגען מיר מקנא זיין? הלוואי וואלט דאס גאנצע פאלק פון גאט געוועזען נביאים, אז גאט זאל אויף זייא געבען זיין רוח: 30 אונד משה האט זיך איינגעזאמעלט צו דער מחנה, ער אונד דיא עלצטע פון ישראל: 31 אונד א ווינד האט געצויגען פון גאט אונד האט געמאכט פליהען וואכטלען פון דעם ים, אונד ער האט זיך פערשפרייט איבער דער מחנה, אזוי וויא א טאג רייזע פון דיזער זייט אונד וויא א טאג רייזע פון יענער זייט רינגסארום דער מחנה, אונד אזוי וויא צווייא איילען אויף דער ערד: 32 אונד דאס פאלק איז אויפגעשטאנען דעם גאנצען זעלביגען טאג. אונד דיא גאנצע נאכט, אונד דעם גאנצען מארגענדיגען טאג, אונד זייא האבען איינגעזאמעלט דיא וואכטלען, דער וואס האט אם וויינגסטען געזאמעלט האט געהאט צעהן חמרים, אונד זייא האבען זיך פערשפרייט איינע פערשפרייטונג רינגסארום דער מחנה: 33 דאס פליישׁ איז נאך געוועזען צווישען זיירע צעהן, איידער עס איז געקייט געווארען אזוי האט דער צארן פון גאט געברימט אויף דעם פאלק, אונד גאט האט געשלאגען דאס פאלק מיט א זעהר גרויסע פלאג: 34 אונד ער האט גערופען דעם נאמען פון דעמזעלביגען ארט קברות התאוה, ווייל זייא האבען דארט באגראבען דאס פאלק וואס האבען געגלוסט: 35 פון קברות התאוה האט דאס פאלק געצויגען קיין חצרות, אונד זייא זענען געוועזען אין חצרות:

## קאפיטעל יב

1 מרים אונד אהרן האבען גערעט קעגען משה, וועגען דעם ווייב, דיא כשית, וואס ער האט גענומען, ווארין ער האט גענומען א ווייב איינע פון כוש: 2 אונד זייא האבען געזאגט, האט דען גאט גערעט דורך משה אליין? האט ער ניט גערעט אויך דורך אונס? אונד גאט האט עס געהערט: 3 אבער דער מאן משה איז געוועזען זעהר דעמיטיג, מעהר פון אלע מענשען וואס זענען אויף דער ערד: 4 אונד גאט האט פלוצלינג געזאגט צו משה אונד צו אהרן אונד צו מרים, גייט איהר דרייא ארויס צו דעם אהל מועד, אונד זייא דרייא זענען ארויסגעגאנגען: 5 אונד גאט האט ארופגענידערט אין דער וואלקען־זייל, אונד ער איז געשטאנען בייא דער טיר פון דעם געצעלט, אונד ער האט גערופען אהרן אונד מרים, אונד זייא ביידע זענען ארויסגעגאנגען: 6 אונד ער האט געזאגט, הערט נון מיינע ווערטער, ווען עס וועט אונטער אייך זיין א נביא, וועל איך יהוה מיך צו איהם דערקענען געבען אים געזיכט, אין א חלום וועל איך מיט איהם רעדען: 7 מיין קנעכט משה איז ניט אזוי, ער איז טרייא אין מיין גאנצען הויז: 8 מויל צו מויל וועל איך מיט איהם רעדען, אונד דורך געזיכט אבער ניט מיט רעטעניש, אונד דיא געשטאלט פון יהוה זאל ער זעהען, אונד פארוואס האט איהר ניט מורא געהאט צו רעדען קעגען מיין קנעכט משה? 9 אונד דער צארן פון גאט האט איבער זייא דערגרימט, אונד ער איז אוועקגעגאנגען: 10 אונד ווען דער וואלקען איז אפגעטרעטען געווארען פון דעם געצעלט, זעה, אזוי איז מרים געוועזען קרעציג וויים וויא שנייא, ווען אהרן האט זיך געקערט צו מרים, זעה, אזוי איז זיא געוועזען קרעציג: 11 אונד אהרן האט געזאגט צו

מֹשֶׁה בִּי אֲדֹנִי אַל־נָא תָשֵׁת עָלֵינוּ חַטָּאת אֲשֶׁר נוֹאַלְנוּ
12 וַאֲשֶׁר חָטָאנוּ׃ אַל־נָא תְהִי כַּמֵּת אֲשֶׁר בְּצֵאתוֹ מֵרֶחֶם
13 אִמּוֹ וַיֵּאָכֵל חֲצִי בְשָׂרוֹ׃ וַיִּצְעַק מֹשֶׁה אֶל־יְהוָה לֵאמֹר אֵל
נָא רְפָא נָא לָהּ׃ פ
14 וַיֹּאמֶר יְהוָה אֶל־מֹשֶׁה וְאָבִיהָ יָרֹק יָרַק בְּפָנֶיהָ הֲלֹא
תִכָּלֵם שִׁבְעַת יָמִים תִּסָּגֵר שִׁבְעַת יָמִים מִחוּץ לַמַּחֲנֶה
טו וְאַחַר תֵּאָסֵף׃ וַתִּסָּגֵר מִרְיָם מִחוּץ לַמַּחֲנֶה שִׁבְעַת יָמִים
16 וְהָעָם לֹא נָסַע עַד־הֵאָסֵף מִרְיָם׃ וְאַחַר נָסְעוּ הָעָם מֵחֲצֵרוֹת
וַיַּחֲנוּ בְּמִדְבַּר פָּארָן׃

יג

יג פ פ פ

2 א וַיְדַבֵּר יְהוָה אֶל־מֹשֶׁה לֵּאמֹר׃ שְׁלַח־לְךָ אֲנָשִׁים וְיָתֻרוּ
אֶת־אֶרֶץ כְּנַעַן אֲשֶׁר־אֲנִי נֹתֵן לִבְנֵי יִשְׂרָאֵל אִישׁ אֶחָד
3 אִישׁ אֶחָד לְמַטֵּה אֲבֹתָיו תִּשְׁלָחוּ כֹּל נָשִׂיא בָהֶם׃ וַיִּשְׁלַח
אֹתָם מֹשֶׁה מִמִּדְבַּר פָּארָן עַל־פִּי יְהוָה כֻּלָּם אֲנָשִׁים
4 רָאשֵׁי בְנֵי־יִשְׂרָאֵל הֵמָּה׃ וְאֵלֶּה שְׁמוֹתָם לְמַטֵּה רְאוּבֵן
ה 6 שַׁמּוּעַ בֶּן־זַכּוּר׃ לְמַטֵּה שִׁמְעוֹן שָׁפָט בֶּן־חוֹרִי׃ לְמַטֵּה
7 יְהוּדָה כָּלֵב בֶּן־יְפֻנֶּה׃ לְמַטֵּה יִשָּׂשכָר יִגְאָל בֶּן־יוֹסֵף׃
8 9 לְמַטֵּה אֶפְרָיִם הוֹשֵׁעַ בִּן־נוּן׃ לְמַטֵּה בִנְיָמִן פַּלְטִי בֶּן
י 11 רָפוּא׃ לְמַטֵּה זְבוּלֻן גַּדִּיאֵל בֶּן־סוֹדִי׃ לְמַטֵּה יוֹסֵף
12 לְמַטֵּה מְנַשֶּׁה גַּדִּי בֶּן־סוּסִי׃ לְמַטֵּה דָן עַמִּיאֵל בֶּן־גְּמַלִּי׃
13 14 לְמַטֵּה אָשֵׁר סְתוּר בֶּן־מִיכָאֵל׃ לְמַטֵּה נַפְתָּלִי נַחְבִּי
טו 16 בֶּן־וָפְסִי׃ לְמַטֵּה גָד גְּאוּאֵל בֶּן־מָכִי׃ אֵלֶּה שְׁמוֹת
הָאֲנָשִׁים אֲשֶׁר־שָׁלַח מֹשֶׁה לָתוּר אֶת־הָאָרֶץ וַיִּקְרָא
17 מֹשֶׁה לְהוֹשֵׁעַ בִּן־נוּן יְהוֹשֻׁעַ׃ וַיִּשְׁלַח אֹתָם מֹשֶׁה לָתוּר
אֶת־אֶרֶץ כְּנָעַן וַיֹּאמֶר אֲלֵהֶם עֲלוּ זֶה בַּנֶּגֶב וַעֲלִיתֶם
18 אֶת־הָהָר׃ וּרְאִיתֶם אֶת־הָאָרֶץ מַה־הִוא וְאֶת־הָעָם הַיֹּשֵׁב

מֹשֶׁה, אִיךְ בֶּעט דִיךְ מֵיין הַאר, דוּא זָאלְסְט אוֹיף אוּנְס נִיט לֵייגֶען דִיא זִינְד וָואס מִיר הָאבֶען נַארֶעשׁ גֶעטְהוּן, אוּנְד וָואס מִיר הָאבֶען גֶעזִינְדִיגְט: 12 לָאז זִיא נִיט זֵיין אַזוֹי וִוִיא אַ טוֹיטֶער, וֶוען עֶר קוּמְט אַרוֹיס פוּן זֵיין מוּטֶערְס לֵייבּ אִיז זֵיין פְלֵיישׁ הַאלבּ פֶערְצֶערְט: 13 אוּנְד מֹשֶׁה הָאט גֶעשְׁרִיגֶען צוּ גָאט, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, אָ גָאט הֵייל זִיא, אִיךְ בֶּעט דִיךְ!

14 אוּנְד גָאט הָאט גֶעזָאגְט צוּ מֹשֶׁה, וֶוען אִיהְר פָאטֶער וָואלְט אִיהְר אִין אִיהְר פָּנִים גֶעשְׁפִּיגֶען וָואלְט זִיא דָאךְ פֶערְשֶׁעמְט גֶעוֶועזֶען זִיבֶּען טֶעג, זִיא זָאל פֶערשְׁלָאסֶען וֶוערֶען זִיבֶּען טֶעג אוֹיסֶעוֶוייניג פוּן דֶער מַחֲנֶה, אוּנְד דֶערְנָאךְ זָאל זִיא אֵיינְגֶעזַאמֶעלְט וֶוערֶען: 15 אוּנְד מִרְיָם וַואר אוֹיסְגֶעשְׁלָאסֶען אוֹיסֶעוֶוייניג פוּן דֶער מַחֲנֶה זִיבֶּען טֶעג, אוּנְד דָאס פָאלְק הָאט נִיט אַוֶועקְגֶעצוֹיגֶען בִּיז מִרְיָם אִיז אֵיינְגֶעזַאמֶעלְט גֶעוָוארֶען: 16 אוּנְד נָאכְדֶעם הָאט דָאס פָאלְק גֶעצוֹיגֶען פוּן חֲצֵרוֹת, אוּנְד זֵייא הָאבֶען גֶערוּהְט אִין דֶער מִדְבַּר פָּרָן:

## קאפיטעל יג

## שלח לך

1 אוּנְד גָאט הָאט גֶערֶעט צוּ מֹשֶׁה אַזוֹי צוּ זָאגֶען: 2 שִׁיק דִיר אַרוֹיס מֶענְשֶׁען אַז זֵייא זָאלֶען אוֹיסְפָּארְשֶׁען דָאס לַאנְד כְּנַעַן וָואס אִיךְ גִיבּ צוּ דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל, אֵיין מַאן פוּן אִיטְלִיכֶען שֵׁבֶט פוּן זֵיינֶע פֶעטֶער זָאלְט אִיהְר שִׁיקֶען, אִיטְלִיכֶער וָואס אִיז אַ נָשִׂיא אוּנְטֶער זֵייא: 3 אוּנְד מֹשֶׁה הָאט זֵייא גֶעשִׁיקְט פוּן דֶער מִדְבַּר פָּרָן דוּרְךְ דֶעם בֶּעפֶעל פוּן גָאט, אַלֶע הוֹיפְּטלֵייט אוּנְטֶער דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל: 4 אוּנְד דָאס זֶענֶען זֵיירֶע נֶעמֶען, פוּן דֶעם שֵׁבֶט רְאוּבֵן, שַׁמּוּעַ זוּהְן פוּן זַכּוּר: 5 פוּן דֶעם שֵׁבֶט שִׁמְעוֹן, שָׁפָט זוּהְן פוּן חוֹרִי: 6 פוּן דֶעם שֵׁבֶט יְהוּדָה, כָּלֵב זוּהְן פוּן יְפֻנֶּה: 7 פוּן דֶעם שֵׁבֶט יִשָּׂשׂכָר, יִגְאָל זוּהְן פוּן יוֹסֵף: 8 פוּן דֶעם שֵׁבֶט אֶפְרָיִם, הוֹשֵׁעַ זוּהְן פוּן נוּן: 9 פוּן דֶעם שֵׁבֶט בִּנְיָמִן, פַּלְטִי זוּהְן פוּן רָפוּא: 10 פוּן דֶעם שֵׁבֶט זְבוּלֻן, גַּדִּיאֵל זוּהְן פוּן סוֹדִי: 11 פוּן דֶעם שֵׁבֶט יוֹסֵף, פַאר דֶעם שֵׁבֶט מְנַשֶּׁה, גַּדִּי זוּהְן פוּן סוּסִי: 12 פוּן דֶעם שֵׁבֶט דָן, עַמִּיאֵל זוּהְן פוּן גְמַלִּי: 13 פוּן דֶעם שֵׁבֶט אָשֵׁר, סְתוּר זוּהְן פוּן מִיכָאֵל: 14 פוּן דֶעם שֵׁבֶט נַפְתָּלִי, נַחְבִּי זוּהְן פוּן וָפְסִי: 15 פוּן דֶעם שֵׁבֶט גָד, גְאוּאֵל זוּהְן פוּן מָכִי: 16 דִיא דָאזִיגֶע זֶענֶען דִיא נֶעמֶען פוּן דִיא מֶענֶער וָואס מֹשֶׁה הָאט גֶעשִׁיקְט אוֹיסצוּפָּארְשֶׁען דָאס לַאנְד, אוּנְד מֹשֶׁה הָאט גֶערוּפֶען הוֹשֵׁעַ זוּהְן פוּן נוּן יְהוֹשֻׁעַ: 17 אוּנְד מֹשֶׁה הָאט זֵייא גֶעשִׁיקְט אוֹיסצוּפָּארְשֶׁען דָאס לַאנְד כְּנַעַן, אוּנְד עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, גֵייט אַרוֹיף דֶעם וֶועג וָואס אִיז קֶעגֶען דָרוֹם־זֵייט, אוּנְד אִיהְר זָאלְט אַרוֹיפְגֵיין אוֹיף דֶעם בַּארְג: 18 אוּנְד אִיהְר זָאלְט זֶעהֶען וָואס דָאס לַאנְד אִיז, אוּנְד וָואס דָאס פָאלְק אִיז וָואס וְואוֹינְט דְרוֹיף,

19 עָלֶיהָ הֶחָזָק הוּא הֲרָפֶה הַמְעַט הוּא אִם־רָב׃ וּמָה הָאָרֶץ
אֲשֶׁר־הוּא יֹשֵׁב בָּהּ הֲטוֹבָה הִוא אִם־רָעָה וּמָה הֶעָרִים
כ׃ אֲשֶׁר־הוּא יוֹשֵׁב בָּהֵנָּה הַבְּמַחֲנִים אִם בְּמִבְצָרִים׃ וּמָה
הָאָרֶץ הַשְּׁמֵנָה הִוא אִם־רָזָה הֲיֵשׁ־בָּהּ עֵץ אִם־אַיִן
וְהִתְחַזַּקְתֶּם וּלְקַחְתֶּם מִפְּרִי הָאָרֶץ וְהַיָּמִים יְמֵי בִּכּוּרֵי
21 עֲנָבִים׃ וַיַּעֲלוּ וַיָּתֻרוּ אֶת־הָאָרֶץ מִמִּדְבַּר־צִן עַד־רְחֹב לְבֹא
22 חֲמָת׃ וַיַּעֲלוּ בַנֶּגֶב וַיָּבֹא עַד־חֶבְרוֹן וְשָׁם אֲחִימַן שֵׁשַׁי
וְתַלְמַי יְלִידֵי הָעֲנָק וְחֶבְרוֹן שֶׁבַע שָׁנִים נִבְנְתָה לִפְנֵי צֹעַן
23 מִצְרָיִם׃ וַיָּבֹאוּ עַד־נַחַל אֶשְׁכֹּל וַיִּכְרְתוּ מִשָּׁם זְמוֹרָה
וְאֶשְׁכּוֹל עֲנָבִים אֶחָד וַיִּשָּׂאֻהוּ בַמּוֹט בִּשְׁנָיִם וּמִן־הָרִמֹּנִים
24 וּמִן־הַתְּאֵנִים׃ לַמָּקוֹם הַהוּא קָרָא נַחַל אֶשְׁכּוֹל עַל אֹדוֹת
כה הָאֶשְׁכּוֹל אֲשֶׁר־כָּרְתוּ מִשָּׁם בְּנֵי יִשְׂרָאֵל׃ וַיָּשֻׁבוּ מִתּוּר
26 הָאָרֶץ מִקֵּץ אַרְבָּעִים יוֹם׃ וַיֵּלְכוּ וַיָּבֹאוּ אֶל־מֹשֶׁה וְאֶל־
אַהֲרֹן וְאֶל־כָּל־עֲדַת בְּנֵי־יִשְׂרָאֵל אֶל־מִדְבַּר פָּארָן קָדֵשָׁה
וַיָּשִׁיבוּ אֹתָם דָּבָר וְאֶת־כָּל־הָעֵדָה וַיַּרְאוּם אֶת־פְּרִי הָאָרֶץ׃
27 וַיְסַפְּרוּ־לוֹ וַיֹּאמְרוּ בָּאנוּ אֶל־הָאָרֶץ אֲשֶׁר שְׁלַחְתָּנוּ וְגַם
28 זָבַת חָלָב וּדְבַשׁ הִוא וְזֶה־פִּרְיָהּ׃ אֶפֶס כִּי־עַז הָעָם הַיֹּשֵׁב
בָּאָרֶץ וְהֶעָרִים בְּצֻרוֹת גְּדֹלֹת מְאֹד וְגַם־יְלִדֵי הָעֲנָק רָאִינוּ
29 שָׁם׃ עֲמָלֵק יוֹשֵׁב בְּאֶרֶץ הַנֶּגֶב וְהַחִתִּי וְהַיְבוּסִי וְהָאֱמֹרִי
ל יוֹשֵׁב בָּהָר וְהַכְּנַעֲנִי יוֹשֵׁב עַל־הַיָּם וְעַל יַד הַיַּרְדֵּן׃ וַיַּהַס
כָּלֵב אֶת־הָעָם אֶל־מֹשֶׁה וַיֹּאמֶר עָלֹה נַעֲלֶה וְיָרַשְׁנוּ אֹתָהּ
31 כִּי־יָכוֹל נוּכַל לָהּ׃ וְהָאֲנָשִׁים אֲשֶׁר־עָלוּ עִמּוֹ אָמְרוּ לֹא
32 נוּכַל לַעֲלוֹת אֶל־הָעָם כִּי־חָזָק הוּא מִמֶּנּוּ׃ וַיֹּצִיאוּ דִּבַּת
הָאָרֶץ אֲשֶׁר תָּרוּ אֹתָהּ אֶל־בְּנֵי יִשְׂרָאֵל לֵאמֹר הָאָרֶץ
אֲשֶׁר עָבַרְנוּ בָהּ לָתוּר אֹתָהּ אֶרֶץ אֹכֶלֶת יוֹשְׁבֶיהָ הִוא
33 וְכָל־הָעָם אֲשֶׁר־רָאִינוּ בְתוֹכָהּ אַנְשֵׁי מִדּוֹת׃ וְשָׁם רָאִינוּ

אויב עס איז שטארק אדער שוואך אויב עס איז ווייניג אדער פיל׃ 19 אונד וואס דאס לאנד איז וואס זייא וואוינען דרינן, אויב עס איז גוט אדער שלעכט, אונד וואס דיא שטעט זענען וואס זייא וואוינען דרינן, אויב אין מַחֲנוֹת אדער אין פעסטע שטעט׃ 20 אונד וואס דאס לאנד איז, אויב עס איז פעט אדער מאגער, אויב עס זענען ביימער דרינן אדער ניט, אונד איהר זאלט אייך שטארקען אונד נעמען פון דיא פרוכט פון דעם לאנד. אונד דיא צייט איז געוועזען דיא טעג פון דיא ערשטלינגע פון דיא וויינטרויבען׃ 21 אונד זייא זענען ארויפגעגאנגען אונד זייא האבען אויסגעפארשט דאס לאנד, פון דער מִדְבַּר צִן ביז רְחוֹב וואו מען קומט קיין חֲמָת׃ 22 אונד זייא זענען ארויפגעגאנגען קעגען דרום־זייט, אונד זייא זענען געקומען ביז חֶבְרוֹן, אונד דארט זענען געוועזען אֲחִימָן, שֵׁשַׁי אונד תַּלְמַי דיא קינדער פון עֲנָק, אונד חֶבְרוֹן איז געבויט געווארען זיבען יאהר פאר צֹעַן אין מִצְרָיִם׃ 23 אונד זייא זענען געקומען צו דעם טאהל אֶשְׁכֹּל, אונד זייא האבען פון דארט אפגעשניטען א צווייג אונד א הענגעל וויינטרויבען, אונד זייא האבען עס געטראגען אויף א שטאנג צווישען צווייא (מענער), אונד פון דיא מילגרוימען אונד פון דיא פייגען׃ 24 צו דעמזעלביגען ארט האט מען גערופען נַחַל אֶשְׁכּוֹל, ווייל דיא קינדער יִשְׂרָאֵל האבען פון דארט אפגעשניטען דאס הענגעל וויינטרויבען׃ 25 אונד זייא האבען צוריקגעקעהרט פון אויסצופארשען דאס לאנד אין דעם ענד פון פירציג טעג׃ 26 אונד זייא זענען געגאנגען אונד זייא זענען געקומען צו מֹשֶׁה אונד צו אַהֲרֹן, אונד צו דיא גאנצע געמיינדע פון דיא קינדער יִשְׂרָאֵל צו דיא מִדְבַּר פָּרָן קיין קָדֵשׁ, אונד זייא האבען צוריקגעבראכט איין ענטפער צו דיא גאנצע געמיינדע, אונד האבען זייא געוויזען דיא פרוכט פון דעם לאנד׃ 27 אונד זייא האבען צו איהם דערציילט אונד האבען געזאגט. מיר זענען געקומען צו דעם לאנד וואס דוא האסט אונס אהינגעשיקט, אונד עס פליסט אויך מיט מילך אונד האניג, אונד דאס דאזיגע איז זיינע פרוכט׃ 28 נייערט דאס פאלק איז שטארק וואס וואוינט אין דעם לאנד, אונד דיא שטעט זענען פעסט אונד זעהר גרויס, אונד אויך דיא קינדער פון עֲנָק האבען מיר דארט געזעהען׃ 29 עֲמָלֵק וואוינט אין דעם לאנד קעגען דרום־זייט, אונד דער חִתִּי, אונד דער יְבוּסִי, אונד דער אֱמֹרִי, וואוינען אויף דיא בערג, אונד דער כְּנַעֲנִי וואוינט בייא דעם יָם אונד בייא דיא זייט פון יַרְדֵּן׃ 30 אונד כָּלֵב האט געמאכט דאס פאלק שטילשווייגען פאר מֹשֶׁה, אונד ער האט געזאגט, מיר וועלען ארויפגייען אונד מיר וועלען עס ערבען, וואָרין מיר וועלען עס געוויס בייקומען׃ 31 אונד דיא מענער וואס זענען מיט איהם ארויפגעגאנגען האבען געזאגט, מיר קענען ניט ארויפגייען קעגען דעם פאלק, וואָרין עס איז שטארקער פון אונס׃ 32 אונד זייא האבען ארויסגעבראכט א שלעכטען בעריכט פון דעם לאנד וואס דיא קינדער יִשְׂרָאֵל האבען אויסגעפארשט אזוי צו זאגען, דאס לאנד וואס מיר זענען אריבערגעגאנגען אויסצופארשען, איז א לאנד וואס פערצעהרט דיא איינוואוינער דאפון, אונד דאס גאנצע פאלק וואס מיר האבען דארין געזעהען זענען מענער פון (גרויסען) מאס׃ 33 אונד דארט האבען מיר געזעהען

דיא

אֶת־הַנְּפִילִים בְּנֵי עֲנָק מִן־הַנְּפִלִים וַנְּהִי בְעֵינֵינוּ כַּחֲגָבִים
וְכֵן הָיִינוּ בְּעֵינֵיהֶם׃

יד

א וַתִּשָּׂא כׇּל־הָעֵדָה וַיִּתְּנוּ אֶת־קוֹלָם וַיִּבְכּוּ הָעָם בַּלַּיְלָה
2 הַהוּא׃ וַיִּלֹּנוּ עַל־מֹשֶׁה וְעַל־אַהֲרֹן כֹּל בְּנֵי יִשְׂרָאֵל וַיֹּאמְרוּ
אֲלֵהֶם כׇּל־הָעֵדָה לוּ־מַתְנוּ בְּאֶרֶץ מִצְרַיִם אוֹ בַּמִּדְבָּר
3 הַזֶּה לוּ־מָתְנוּ׃ וְלָמָה יְהֹוָה מֵבִיא אֹתָנוּ אֶל־הָאָרֶץ הַזֹּאת
לִנְפֹּל בַּחֶרֶב נָשֵׁינוּ וְטַפֵּנוּ יִהְיוּ לָבַז הֲלוֹא טוֹב לָנוּ שׁוּב
4 מִצְרָיְמָה׃ וַיֹּאמְרוּ אִישׁ אֶל־אָחִיו נִתְּנָה רֹאשׁ וְנָשׁוּבָה
ה מִצְרָיְמָה׃ וַיִּפֹּל מֹשֶׁה וְאַהֲרֹן עַל־פְּנֵיהֶם לִפְנֵי כׇּל־קְהַל
6 עֲדַת בְּנֵי יִשְׂרָאֵל׃ וִיהוֹשֻׁעַ בִּן־נוּן וְכָלֵב בֶּן־יְפֻנֶּה מִן־
7 הַתָּרִים אֶת־הָאָרֶץ קָרְעוּ בִּגְדֵיהֶם׃ וַיֹּאמְרוּ אֶל־כׇּל־עֲדַת
בְּנֵי־יִשְׂרָאֵל לֵאמֹר הָאָרֶץ אֲשֶׁר עָבַרְנוּ בָהּ לָתוּר אֹתָהּ
8 טוֹבָה הָאָרֶץ מְאֹד מְאֹד׃ אִם־חָפֵץ בָּנוּ יְהֹוָה וְהֵבִיא
אֹתָנוּ אֶל־הָאָרֶץ הַזֹּאת וּנְתָנָהּ לָנוּ אֶרֶץ אֲשֶׁר־הִוא זָבַת חָלָב
9 וּדְבָשׁ׃ אַךְ בַּיהֹוָה אַל־תִּמְרֹדוּ וְאַתֶּם אַל־תִּירְאוּ אֶת־עַם
הָאָרֶץ כִּי לַחְמֵנוּ הֵם סָר צִלָּם מֵעֲלֵיהֶם וַיהֹוָה אִתָּנוּ אַל־
י תִּירָאֻם׃ וַיֹּאמְרוּ כׇּל־הָעֵדָה לִרְגּוֹם אֹתָם בָּאֲבָנִים וּכְבוֹד
יְהֹוָה נִרְאָה בְּאֹהֶל מוֹעֵד אֶל־כׇּל־בְּנֵי יִשְׂרָאֵל׃ פ
11 וַיֹּאמֶר יְהֹוָה אֶל־מֹשֶׁה עַד־אָנָה יְנַאֲצֻנִי הָעָם הַזֶּה וְעַד־
אָנָה לֹא־יַאֲמִינוּ בִי בְּכֹל הָאֹתוֹת אֲשֶׁר עָשִׂיתִי בְּקִרְבּוֹ׃
12 אַכֶּנּוּ בַדֶּבֶר וְאוֹרִשֶׁנּוּ וְאֶעֱשֶׂה אֹתְךָ לְגוֹי־גָּדוֹל וְעָצוּם
13 מִמֶּנּוּ׃ וַיֹּאמֶר מֹשֶׁה אֶל־יְהֹוָה וְשָׁמְעוּ מִצְרַיִם כִּי־הֶעֱלִיתָ
14 בְכֹחֲךָ אֶת־הָעָם הַזֶּה מִקִּרְבּוֹ׃ וְאָמְרוּ אֶל־יוֹשֵׁב הָאָרֶץ
הַזֹּאת שָׁמְעוּ כִּי־אַתָּה יְהֹוָה בְּקֶרֶב הָעָם הַזֶּה אֲשֶׁר־עַיִן
בְּעַיִן נִרְאָה ׀ אַתָּה יְהֹוָה וַעֲנָנְךָ עֹמֵד עֲלֵהֶם וּבְעַמֻּד עָנָן
טו אַתָּה הֹלֵךְ לִפְנֵיהֶם יוֹמָם וּבְעַמּוּד אֵשׁ לָיְלָה׃ וְהֵמַתָּה
אֶת־הָעָם הַזֶּה כְּאִישׁ אֶחָד וְאָמְרוּ הַגּוֹיִם אֲשֶׁר־שָׁמְעוּ אֶת־

דיא ריזען, דיא קינדער פון עֲנָק פון דיא (גפאלענע) ריזען, אונד מיר זענען געוועזען אין אונזערע אויגען וויא דיא היישרעקען, אונד אזוי זענען מיר געוועזען אין זייערע אויגען:

## קאפיטעל יד

1 אונד דיא גאנצע געמיינדע האבען אויפגעהויבען זייער קול, אונד דאס פאלק האט געוויינט דיזעלביגע נאכט: 2 אונד אלע קינדער יִשְׂרָאֵל האבען געמורמעלט קעגען מֹשֶׁה, אונד אַהֲרֹן, אונד דיא גאנצע געמיינדע האבען צו זייא געזאגט, הלוואי וואלטען מיר געשטארבען אין דעם לאנד מִצְרַיִם, אדער הלוואי וואלטען מיר געשטארבען אין דיא דאזיגע מִדְבָּר! 3 אונד פאר־וואס האט אונס גאט געבראכט אין דעם דאזיגען לאנד אז מיר זאלען פאלען דורך דעם שווערד, אז אונזערע ווייבער אונד קינדער זאלען זיין צו רויב? וועך עס ניט בעסער פאר אונס צוריקצוקעה־רען קיין מִצְרַיִם: 4 אונד זייא האבען געזאגט איינער צום אנדערן, מיר וועלען איבער אונס זעצען אן עלצטען, אונד מיר וועלען צוריקקעהרען קיין מִצְרַיִם:

5 אונד מֹשֶׁה אונד אַהֲרֹן זענען געפאלען אויף זייער פָּנִים פאר דער גאנצער פער־זאמלונג פון דער געמיינדע פון דיא קינדער יִשְׂרָאֵל: 6 אונד יְהוֹשֻׁעַ בִּן נוּן אונד כָּלֵב זוהן פון יְפֻנֶּה, פון דיא אויספארשערס פון דעם לאנד, האבען צוריסען זייערע קליידער: 7 אונד זייא האבען געזאגט צו דער גאנצער געמיינדע פון דיא קינדער יִשְׂרָאֵל אזוי צו זאגען, דאס לאנד וואס מיר זענען דארין אריבערגעגאנגען אויסצו־פארשען, איז א זעהר גוט לאנד: 8 אונד ווען גאט האט א בעגעהר אין אונס, אזוי וועט ער אונס אריינברענגען צו דעם דאזיגען לאנד, אונד וועט עס צו אונס געבען; עס איז א לאנד וואס פליסט מיט מילך אונד האניג: 9 נייערט קעגען גאט זאלט איהר ניט ווידערשפעניגען, אונד איהר ברויכט אייך ניט צו פארכטען פאר דעם פאלק פון דעם לאנד ווארין זייא זענען אונזער ברויט, זייער שאטען האט זיך פון זייא אפּ־געטהון, אונד גאט איז מיט אונס איהר זאלט אייך פאר זייא ניט פארכטען: 10 אָבער דיא גאנצע געמיינדע האבען געזאגט, אז מען זאל זייא שטייניגען מיט שטיינער, אונד דיא הערליכקייט פון גאט האט זיך באוויזען אין דעם אֹהֶל מוֹעֵד צו אלע קינדער יִשְׂרָאֵל: 11 אונד גאט האט געזאגט צו מֹשֶׁה, ביז וויא לאנג וועט מיך נאך דאס דאזיגע פאלק דערצארנען? אונד ביז וויא לאנג וועט מיר דאס דאזיגע פאלק נאך ניט גלייבען וועגען אלע צייכען וואס איך האב צווישען זייא געטהון? 12 איך וועל זייא שלאגען מיט א פעסטילענץ, אונד איך וועל זייא פערטרייבען, אונד איך וועל דיך מאכען פאר א גרויס פאלק אונד שטארקער פון זייא: 13 אונד מֹשֶׁה האט געזאגט צו גאט, ווען דיא מִצְרַיִם וועלען הערען — ווארין דו האסט דאס דאזיגע פאלק ארויסגעבראכט מיט דיין כֹּחַ פון צווישען זייא: 14 אזוי וועלען זייא עס אנזאגען צו דיא בעוואוינער פון דעם דאזיגען לאנד, זייא האבען געהערט דאס דו, א גאט, ביזט געוועזען צווישען דעם דאזיגען פאלק, וואס דו, א גאט, האסט דיך בעשיינפערליך צו זייא בעוויזען, אונד דיין וואלקען איז איבער זייא געשטאנען, אונד מיט א וואלקען־זייל ביזט דו פאר זייא געגאנגען בייא טאג, אונד מיט א פייער־זייל בייא נאכט: 15 אונד ווען דו וועסט דאס דא־זיגע פאלק טייטען וויא איין מאן, אזוי וועלען דיא גוֹיִם זאגען וואס האבען געהערט דיין

שִׁמְעֲךָ לֵאמֹר׃ מִבִּלְתִּי יְכֹלֶת יְהוָה לְהָבִיא אֶת־הָעָם 16
הַזֶּה אֶל־הָאָרֶץ אֲשֶׁר־נִשְׁבַּע לָהֶם וַיִּשְׁחָטֵם בַּמִּדְבָּר׃ וְעַתָּה 17
יִגְדַּל־נָא כֹּחַ אֲדֹנָי כַּאֲשֶׁר דִּבַּרְתָּ לֵאמֹר׃ יְהוָה אֶרֶךְ 18
אַפַּיִם וְרַב־חֶסֶד נֹשֵׂא עָוֺן וָפָשַׁע וְנַקֵּה לֹא יְנַקֶּה פֹּקֵד עֲוֺן
אָבוֹת עַל־בָּנִים עַל־שִׁלֵּשִׁים וְעַל־רִבֵּעִים׃ סְלַח־נָא לַעֲוֺן 19
הָעָם הַזֶּה כְּגֹדֶל חַסְדֶּךָ וְכַאֲשֶׁר נָשָׂאתָה לָעָם הַזֶּה מִמִּצְרַיִם
וְעַד־הֵנָּה׃ וַיֹּאמֶר יְהוָה סָלַחְתִּי כִּדְבָרֶךָ׃ וְאוּלָם חַי־אָנִי כ 21
וְיִמָּלֵא כְבוֹד־יְהוָה אֶת־כָּל־הָאָרֶץ׃ כִּי כָל־הָאֲנָשִׁים 22
הָרֹאִים אֶת־כְּבֹדִי וְאֶת־אֹתֹתַי אֲשֶׁר־עָשִׂיתִי בְמִצְרַיִם
וּבַמִּדְבָּר וַיְנַסּוּ אֹתִי זֶה עֶשֶׂר פְּעָמִים וְלֹא שָׁמְעוּ בְּקוֹלִי׃
אִם־יִרְאוּ אֶת־הָאָרֶץ אֲשֶׁר נִשְׁבַּעְתִּי לַאֲבֹתָם וְכָל־מְנַאֲצַי 23
לֹא יִרְאוּהָ׃ וְעַבְדִּי כָלֵב עֵקֶב הָיְתָה רוּחַ אַחֶרֶת עִמּוֹ 24
וַיְמַלֵּא אַחֲרָי וַהֲבִיאֹתִיו אֶל־הָאָרֶץ אֲשֶׁר־בָּא שָׁמָּה וְזַרְעוֹ
יוֹרִשֶׁנָּה׃ וְהָעֲמָלֵקִי וְהַכְּנַעֲנִי יוֹשֵׁב בָּעֵמֶק מָחָר פְּנוּ וּסְעוּ כה
לָכֶם הַמִּדְבָּר דֶּרֶךְ יַם־סוּף׃ פ
וַיְדַבֵּר יְהוָה אֶל־מֹשֶׁה וְאֶל־אַהֲרֹן לֵאמֹר׃ עַד־מָתַי לָעֵדָה 26 27
הָרָעָה הַזֹּאת אֲשֶׁר הֵמָּה מַלִּינִים עָלָי אֶת־תְּלֻנּוֹת בְּנֵי
יִשְׂרָאֵל אֲשֶׁר הֵמָּה מַלִּינִים עָלַי שָׁמָעְתִּי׃ אֱמֹר אֲלֵהֶם חַי־ 28
אָנִי נְאֻם־יְהוָה אִם־לֹא כַּאֲשֶׁר דִּבַּרְתֶּם בְּאָזְנָי כֵּן אֶעֱשֶׂה
לָכֶם׃ בַּמִּדְבָּר הַזֶּה יִפְּלוּ פִגְרֵיכֶם וְכָל־פְּקֻדֵיכֶם לְכָל־ 29
מִסְפַּרְכֶם מִבֶּן עֶשְׂרִים שָׁנָה וָמָעְלָה אֲשֶׁר הֲלִינֹתֶם עָלָי׃
אִם־אַתֶּם תָּבֹאוּ אֶל־הָאָרֶץ אֲשֶׁר נָשָׂאתִי אֶת־יָדִי לְשַׁכֵּן ל
אֶתְכֶם בָּהּ כִּי אִם־כָּלֵב בֶּן־יְפֻנֶּה וִיהוֹשֻׁעַ בִּן־נוּן׃ וְטַפְּכֶם 31
אֲשֶׁר אֲמַרְתֶּם לָבַז יִהְיֶה וְהֵבֵיאתִי אֹתָם וְיָדְעוּ אֶת־הָאָרֶץ
אֲשֶׁר מְאַסְתֶּם בָּהּ׃ וּפִגְרֵיכֶם אַתֶּם יִפְּלוּ בַּמִּדְבָּר הַזֶּה׃ 32
וּבְנֵיכֶם יִהְיוּ רֹעִים בַּמִּדְבָּר אַרְבָּעִים שָׁנָה וְנָשְׂאוּ אֶת־ 33
זְנוּתֵיכֶם עַד־תֹּם פִּגְרֵיכֶם בַּמִּדְבָּר׃ בְּמִסְפַּר הַיָּמִים אֲשֶׁר־ 34

שֵׁם אַזוֹי צוּ זָאגֶען׃ 16 וֵוייל גָאט הָאט נִיט גֶעקֶענְט אַרֵיינבְּרֶענְגֶען דָאס דָאזִיגֶע פָּאלְק אִין דֶעם לַאנְד וָואס עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעשְׁוְואוֹירֶען אַזוֹי הָאט עֶר זֵייא אוֹיסְגֶעשָׁאכְטֶען אִין דֶער מִדְבָּר׃ 17 אוּנְד אַצוּנְד לָאז דֶער כֹּחַ פוּן מֵיין הַאר גְרוֹיס וֶוערֶען אַזוֹי וִויא דוּא הָאסְט גֶערֶעט, צוּ זָאגֶען׃ 18 גָאט אִיז לַאנְגְמִיטִיג אוּנְד פוּן גְרוֹיסֶער גְנָאד, וָואס פֶערְגֶעבְּט דִיא זִינְד אוּנְד מִיסֶעטְהַאט, אָבֶּער עֶר וֶועט נִיט פְרֵייא לָאזֶען, עֶר גֶעדֶענְקְט דִיא זִינְד פוּן דִיא אָבוֹת אוֹיף דִיא קִינְדֶער בִּיז צוּם דְרִיטֶען אוּנְד פִירְטֶען (דוֹר)׃ 19 פַארְגֶעבּ דָאךְ דִיא זִינְד פוּן דֶעם דָאזִיגֶען פָאלְק, נָאךְ דֵיינֶער גְרוֹיסֶען גְנָאד, אוּנְד אַזוֹי וִויא דוּא הָאסְט פֶערטְרָאגֶען צוּ דֶעם דָאזִיגֶען פָאלְק פוּן מִצְרַיִם אָן בִּיז אַהֶער׃ 20 אוּנְד גָאט הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ הָאבּ פֶערְגֶעבֶּען נָאךְ דֵיין וָוארְט׃ 21 אָבֶּער פַארְוָואהְר אַזוֹי וִויא אִיךְ לֶעבּ, דִיא גַאנְצֶע וֶועלְט זָאל פוּל וֶוערֶען מִיט דִיא הֶערְלִיכְקֵייט פוּן גָאט׃ 22 וֵוייל אַלֶע דִיא מֶענְשֶׁער הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען מֵיינֶע הֶערְלִיכְקֵייט אוּנְד מֵיינֶע וְואוּנְדֶער וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעטְהוּן אִין מִצְרַיִם, אוּנְד אִין דֶער מִדְבָּר, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען מִיךְ גֶעפְּרוּפְט דִיזֶע צֶעהְן מָאל אוּנְד זֵייא הָאבֶּען נִיט גֶעהָארְכְט צוּ מֵיינֶע שְׁטִים׃ 23 אוֹיבּ זֵייא וֶועלֶען זֶעהֶען דָאס לַאנְד וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעשְׁוְואוֹירֶען צוּ זֵיירֶע אָבוֹת, אוּנְד אַלֶע דִיא וָואס הָאבֶּען מִיךְ דֶערְצָארְנְט וֶועלֶען עֶס (אוֹיךְ) נִיט זֶעהֶען׃ 24 אָבֶּער מֵיין קְנֶעכְט כָּלֵב, דֶערְוֵוייל עֶס אִיז אִין אִיהְם אֵיין אַנְדֶערֶער גֵייסְט, אוּנְד עֶר הָאט מִיר גַאנְץ נָאכְגֶעפָאלְגְט, אַזוֹי וֶועל אִיךְ אִיהְם אַרֵיינְבְּרֶענְגֶען צוּ דֶעם לַאנְד וְואוּ עֶר אִיז דָארְט גֶעקוּמֶען אוּנְד זֵיין זָאמֶען זָאל עֶס יַרְשֶׁענֶען׃ 25 דֶער עֲמָלֵקִי אוּנְד דִיא כְּנַעֲנִים וְואוֹינֶען אִין דֶעם טְהָאל. מָארְגֶען קֶעהְרְט אוּם אוּנְד צִיהְט אֵייךְ אִין דֶער מִדְבָּר אַרֵיין אוֹיף דֶעם וֶועג פוּן יַם סוּף׃

26 אוּנְד גָאט הָאט גֶערֶעט צוּ מֹשֶׁה אוּנְד צוּ אַהֲרֹן אַזוֹי צוּ זָאגֶען׃ 27 בִּיז וִויא לַאנְג זָאל אִיךְ אוֹיסְהַאלְטֶען מִיט דִיא דָאזִיגֶע שְׁלֶעכְטֶע גֶעמֵיינְדֶע, וָואס מוּרְמֶעלְן קֶעגֶען מִיר? דָאס מוּרְמֶעלְן פוּן דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל וָואס זֵייא מוּרְמֶעלְן קֶעגֶען מִיר הָאבּ אִיךְ גֶעהֶערְט׃ 28 זָאג צוּ זֵייא, אַזוֹי וָואהְר וִויא אִיךְ לֶעבּ, זָאגְט גָאט, אַזוֹי וִויא אִיהְר הָאט גֶערֶעט אִין מֵיינֶע אוֹיעֶרֶען, אַזוֹי וֶועל אִיךְ צוּ אֵייךְ טְהוּן׃ 29 אִין דֶער דָאזִיגֶער מִדְבָּר וֶועלֶען אֵיירֶע קֶערְפֶּער פַאלֶען, אַלֶע וָואס זֶענֶען גֶעצֵיילְט גֶעוָוארֶען נָאךְ דֶער גַאנְצֶען צָאל, פוּן צְוַואנְצִיג יָאהְר אַלְט אָן אוּנְד דַארִיבֶּער, וֵוייל זֵייא הָאבֶּען גֶע־מוּרְמֶעלְט קֶעגֶען מִיר׃ 30 אִיהְר זָאלְט נִיט אַרֵיינְקוּמֶען צוּ דֶעם לַאנְד אִיבֶּער וֶועלְכֶעם אִיךְ הָאבּ אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען מֵיינֶע הַאנְד אוּם אֵייךְ דָארְט רוּהֶען צוּ מַאכֶען, נֵייעֶרְט נָאר כָּלֵב זוּהְן פוּן יְפֻנֶּה אוּנְד יְהוֹשֻׁעַ זוּהְן פוּן נוּן׃ 31 אוּנְד אֵיירֶע קְלֵיינֶע קִינְדֶער, וָואס אִיהְר הָאט גֶעזָאגְט זֵייא וֶועלֶען זֵיין צוּ רוֹיבּ, זֵייא וֶועל אִיךְ אַרֵיינבְּרֶענְגֶען, אוּנְד זֵייא וֶועלֶען קֶענֶען דָאס לַאנְד וֶועלְכֶעס אִיהְר הָאט פֶערַאכְטֶעט׃ 32 אָבֶּער אִיהְר, אֵיירֶע קֶערְפֶּער וֶועלֶען פַאלֶען אִין דֶער דָאזִיגֶע מִדְבָּר׃ 33 אוּנְד אֵיירֶע קִינְדֶער זָאלֶען אַרוּם וַואנְדֶערְן אִין דֶער מִדְבָּר פִירְצִיג יָאהְר, אוּנְד וֶועלֶען לֵיידֶען וֶועגֶען אֵיירֶע הוּרֶערֵייא, בִּיז אֵיירֶע לֵייבֶּער וֶועלֶען אוּמְקוּמֶען אִין דֶער מִדְבָּר׃ 34 נָאךְ דֶער צָאל פוּן דִיא טֶעג וָואס

תַּרְתֶּם אֶת־הָאָרֶץ אַרְבָּעִים יוֹם יוֹם לַשָּׁנָה יוֹם לַשָּׁנָה
תִּשְׂאוּ אֶת־עֲוֺנֹתֵיכֶם אַרְבָּעִים שָׁנָה וִידַעְתֶּם אֶת־תְּנוּאָתִי׃
לה אֲנִי יְהוָה דִּבַּרְתִּי אִם־לֹא ׀ זֹאת אֶעֱשֶׂה לְכָל־הָעֵדָה הָרָעָה
הַזֹּאת הַנּוֹעָדִים עָלָי בַּמִּדְבָּר הַזֶּה יִתַּמּוּ וְשָׁם יָמֻתוּ׃
36 וְהָאֲנָשִׁים אֲשֶׁר־שָׁלַח מֹשֶׁה לָתוּר אֶת־הָאָרֶץ וַיָּשֻׁבוּ
וַיַּלִּינוּ עָלָיו אֶת־כָּל־הָעֵדָה לְהוֹצִיא דִבָּה עַל־הָאָרֶץ׃
37 וַיָּמֻתוּ הָאֲנָשִׁים מוֹצִאֵי דִבַּת־הָאָרֶץ רָעָה בַּמַּגֵּפָה לִפְנֵי
38 יְהוָה׃ וִיהוֹשֻׁעַ בִּן־נוּן וְכָלֵב בֶּן־יְפֻנֶּה חָיוּ מִן־הָאֲנָשִׁים הָהֵם
39 הַהֹלְכִים לָתוּר אֶת־הָאָרֶץ׃ וַיְדַבֵּר מֹשֶׁה אֶת־הַדְּבָרִים
מ הָאֵלֶּה אֶל־כָּל־בְּנֵי יִשְׂרָאֵל וַיִּתְאַבְּלוּ הָעָם מְאֹד׃ וַיַּשְׁכִּמוּ
בַבֹּקֶר וַיַּעֲלוּ אֶל־רֹאשׁ־הָהָר לֵאמֹר הִנֶּנּוּ וְעָלִינוּ אֶל־הַמָּקוֹם
41 אֲשֶׁר־אָמַר יְהוָה כִּי חָטָאנוּ׃ וַיֹּאמֶר מֹשֶׁה לָמָּה זֶּה אַתֶּם
42 עֹבְרִים אֶת־פִּי יְהוָה וְהִוא לֹא תִצְלָח׃ אַל־תַּעֲלוּ כִּי אֵין
43 יְהוָה בְּקִרְבְּכֶם וְלֹא תִּנָּגְפוּ לִפְנֵי אֹיְבֵיכֶם׃ כִּי הָעֲמָלֵקִי
וְהַכְּנַעֲנִי שָׁם לִפְנֵיכֶם וּנְפַלְתֶּם בֶּחָרֶב כִּי־עַל־כֵּן שַׁבְתֶּם
44 מֵאַחֲרֵי יְהוָה וְלֹא־יִהְיֶה יְהוָה עִמָּכֶם׃ וַיַּעְפִּלוּ לַעֲלוֹת אֶל־
רֹאשׁ הָהָר וַאֲרוֹן בְּרִית־יְהוָה וּמֹשֶׁה לֹא־מָשׁוּ מִקֶּרֶב
מה הַמַּחֲנֶה׃ וַיֵּרֶד הָעֲמָלֵקִי וְהַכְּנַעֲנִי הַיֹּשֵׁב בָּהָר הַהוּא וַיַּכּוּם
וַיַּכְּתוּם עַד־הַחָרְמָה׃ פ

טו

א 2 וַיְדַבֵּר יְהוָה אֶל־מֹשֶׁה לֵּאמֹר׃ דַּבֵּר אֶל־בְּנֵי יִשְׂרָאֵל
וְאָמַרְתָּ אֲלֵהֶם כִּי תָבֹאוּ אֶל־אֶרֶץ מוֹשְׁבֹתֵיכֶם אֲשֶׁר אֲנִי
3 נֹתֵן לָכֶם׃ וַעֲשִׂיתֶם אִשֶּׁה לַיהוָה עֹלָה אוֹ־זֶבַח לְפַלֵּא־
נֶדֶר אוֹ בִנְדָבָה אוֹ בְּמֹעֲדֵיכֶם לַעֲשׂוֹת רֵיחַ נִיחֹחַ לַיהוָה
4 מִן־הַבָּקָר אוֹ מִן־הַצֹּאן׃ וְהִקְרִיב הַמַּקְרִיב קָרְבָּנוֹ לַיהוָה
ה מִנְחָה סֹלֶת עִשָּׂרוֹן בָּלוּל בִּרְבִעִית הַהִין שָׁמֶן׃ וְיַיִן
לַנֶּסֶךְ רְבִיעִית הַהִין תַּעֲשֶׂה עַל־הָעֹלָה אוֹ לַזָּבַח לַכֶּבֶשׂ

אִיהְר הָאט אוֹיסְגֶעפָּארְשְׁט דָאס לַאנְד, פִירְצִיג טֶעג, אַ טָאג פַאר אִיטְלִיכֶען יָאהְר, פִירְצִיג יָאהְר זָאלְט אִיהְר טְרָאגֶען (אָדֶער לֵיידֶען פַאר) אֵיירֶע זִינְד, אוּנְד אִיהְר זָאלְט ווִיסֶען אַז אִיךְ הָאבּ מִיךְ פוּן אֵייךְ אָפְּגֶעקֶעהְרְט: 35 אִיךְ יְהוָֹה הָאבּ דָאס גֶערֶעט, אִיךְ וֶועל עֶס גֶעווִיס טְהוּן צוּ דֶער דָאזִיגֶען גַאנְץ שְׁלֶעכְטֶען גֶעמֵיינְדֶע, ווָאס הָאבֶּען זִיךְ קֶעגֶען מִיר אֵיינְגֶעזַאמֶעלְט, אִין דִיזֶער מִדְבָּר זָאלֶען זַייא אוּמְקוּמֶען, אוּנְד דָארְט זָאלֶען זַייא שְׁטַארְבֶּען: 36 אוּנְד דִיא מֶענֶער ווָאס מֹשֶׁה הָאט אוֹיסְגֶעשִׁיקְט דָאס לַאנְד אוֹיסְצוּפָּארְשֶׁען, אוּנְד זֶענֶען צוּרִיקְגֶעקוּמֶען אוּנְד הָאבֶּען גֶעמַאכְט דִיא גַאנְצֶע גֶעמֵיינְדֶע מוּרְמֶעלְן קֶעגֶען אִיהְם, אוּנְד הָאבֶּען אַרוֹיסְגֶעבְּרַאכְט לָשׁוֹן הָרָע אוֹיף דֶעם לַאנְד: 37 דִיא מֶענֶער ווָאס הָאבֶּען אַרוֹיסְגֶעבְּרַאכְט לָשׁוֹן הָרָע אוֹיף דֶעם לַאנְד זֶענֶען גֶעשְׁטָארְבֶּען דוּרְךְ אַ פְּלָאג פַאר גָאט: 38 אָבֶּער יְהוֹשֻׁעַ זוּהְן פוּן נוּן אוּנְד כָּלֵב זוּהְן פוּן יְפֻנֶּה זֶענֶען גֶעבְּלִיבֶּען לֶעבֶּען פוּן דִיא דָאזִיגֶע מֶענֶער ווָאס זֶענֶען גֶעגַאנְגֶען אוֹיסְצוּפָּארְשֶׁען דָאס לַאנְד: 39 אוּנְד מֹשֶׁה הָאט גֶערֶעט דִיזֶע ווֶערְטֶער צוּ אַלֶע קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל, אוּנְד דָאס פָאלְק הָאט זֶעהְר גֶעטְרוֹיעֶרְט: 40 אוּנְד זַייא זֶענֶען אִין דֶער פְרִיה אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען, אוּנְד אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען אוֹיף דֶער שְׁפִּיץ פוּן דֶעם בַּארְג, אוּנְד גֶעזָאגְט, זֶעה מִיר זֶענֶען דָא, אוּנְד מִיר ווֶעלֶען אַרוֹיפְגֵיין צוּ דֶעם אָרְט ווָאס גָאט הָאט אוּנְס צוּגֶעזָאגְט, ווָארִין מִיר הָאבֶּען גֶעזִינְדִיגְט: 41 אוּנְד מֹשֶׁה הָאט גֶעזָאגְט, פַארְווָאס טְהוּט אִיהְר אִיבֶּערְטְרֶעטֶען דֶעם בֶּעפֶעל פוּן גָאט? דָאס ווֶעט נִיט בֶּעגְלִיקֶען: 42 גֵייט נִיט אַרוֹיף, ווָארִין גָאט אִיז נִיט צְווִישֶׁען אֵייךְ, אַז אִיהְר זָאלְט נִיט גֶעשְׁלָאגֶען ווֶערֶען פַאר אֵיירֶע פֵיינְד: 43 ווָארִין דֶער עֲמָלֵקִי אוּנְד דֶער כְּנַעֲנִי אִיז דָארְטֶען פַאר אֵייךְ, אוּנְד אִיהְר ווֶעט פַאלֶען דוּרְךְ דֶעם שְׁווֶערְד, ווֵייל אִיהְר הָאט אֵייךְ אָפְּגֶעקֶעהְרְט פוּן גָאט, דָארִיבֶּער ווִיל גָאט נִיט זַיין מִיט אֵייךְ: 44 אָבֶּער זַייא הָאבֶּען זִיךְ פָארְגֶענוּמֶען אַרוֹיפְצוּגֵיין צוּ דֶער שְׁפִּיץ פוּן דֶעם בַּארְג, אָבֶּער דֶער אָרוֹן פוּן דֶעם בּוּנְד פוּן גָאט אוּנְד מֹשֶׁה הָאבֶּען זִיךְ נִיט אָפְּגֶעטְהוּן פוּן צְווִישֶׁען דֶער מַחֲנֶה: 45 אוּנְד דֶער עֲמָלֵקִי אוּנְד דֶער כְּנַעֲנִי ווָאס ווְאוֹינֶען אוֹיף דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען בַּארְג הָאבֶּען זַייא גֶעשְׁלָאגֶען, אוּנְד הָאבֶּען זַייא פַארְשְׁטוֹיסֶען בִּיז נָאךְ חָרְמָה:

## קאפיטעל טו

1 אוּנְד גָאט הָאט גֶערֶעט צוּ מֹשֶׁה, אַזוֹי צוּ זָאגֶען: 2 רֶעד צוּ דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל, אוּנְד דוּא זָאלְסְט צוּ זַייא זָאגֶען, ווֶען אִיהְר ווֶעט אַרַיינְקוּמֶען צוּ דֶעם לַאנְד פוּן אֵייעֶר בֶּעזִיץ, ווָאס אִיךְ ווֶעל צוּ אֵייךְ גֶעבֶּען: 3 אוּנְד ווֶען אִיהְר ווֶעט מַאכֶען אַ פֵייעֶר אָפְּפֶער צוּ גָאט, אַ בְּרַאנְד אָפְּפֶער, אָדֶער אַ שְׁעכְט אָפְּפֶער, אָפְּצוּשֵׁיידֶען אַ נֶדֶר אָדֶער מִיט אַ בֶּעווִילִיגוּנְג, אָדֶער אַן אֵיירֶע יָמִים טוֹבִים, צוּ מַאכֶען אֵיין אָנְגֶענֶעמֶען גֶערוּךְ צוּ גָאט, פוּן דִיא רִינְדֶער אָדֶער פוּן דִיא שָׁאף: 4 דֶער ווָאס אִיז מַקְרִיב זָאל זַיין קָרְבָּן מַקְרִיב זַיין צוּ גָאט אַ מִנְחָה פוּן זֶעמֶעל מֶעהְל, אֵיין צֶעהְנְטֶעל, גֶעמִישְׁט מִיט אֵיין פִירְטֶעל הִין אֵייל: 5 אוּנְד אֵיין פִירְטֶעל הִין ווַיין צוּ גִיסֶען זָאלְסְט דוּא מַאכֶען צוּ דֶעם בְּרַאנְד אָפְּפֶער, אָדֶער צוּ דֶעם שְׁעכְט אָפְּפֶער, פַאר אֵיין לֶעמֶעלֶע:

הָאֶחָד: אוֹ לָאַיִל תַּעֲשֶׂה מִנְחָה סֹלֶת שְׁנֵי עֶשְׂרֹנִים בְּלוּלָה 6
בַשֶּׁמֶן שְׁלִשִׁית הַהִין: וְיַיִן לַנֶּסֶךְ שְׁלִשִׁית הַהִין תַּקְרִיב 7
רֵיחַ־נִיחֹחַ לַיהוָה: וְכִי־תַעֲשֶׂה בֶן־בָּקָר עֹלָה אוֹ־זָבַח 8
לְפַלֵּא־נֶדֶר אוֹ־שְׁלָמִים לַיהוָה: וְהִקְרִיב עַל־בֶּן־הַבָּקָר 9
מִנְחָה סֹלֶת שְׁלֹשָׁה עֶשְׂרֹנִים בָּלוּל בַּשֶּׁמֶן חֲצִי הַהִין:
וְיַיִן תַּקְרִיב לַנֶּסֶךְ חֲצִי הַהִין אִשֵּׁה רֵיחַ־נִיחֹחַ לַיהוָה: י
כָּכָה יֵעָשֶׂה לַשּׁוֹר הָאֶחָד אוֹ לָאַיִל הָאֶחָד אוֹ־לַשֶּׂה 11
בַכְּבָשִׂים אוֹ בָעִזִּים: כַּמִּסְפָּר אֲשֶׁר תַּעֲשׂוּ כָּכָה תַּעֲשׂוּ 12
לָאֶחָד כְּמִסְפָּרָם: כָּל־הָאֶזְרָח יַעֲשֶׂה־כָּכָה אֶת־אֵלֶּה 13
לְהַקְרִיב אִשֵּׁה רֵיחַ־נִיחֹחַ לַיהוָה: וְכִי־יָגוּר אִתְּכֶם גֵּר אוֹ 14
אֲשֶׁר־בְּתוֹכְכֶם לְדֹרֹתֵיכֶם וְעָשָׂה אִשֵּׁה רֵיחַ־נִיחֹחַ לַיהוָה
כַּאֲשֶׁר תַּעֲשׂוּ כֵּן יַעֲשֶׂה: הַקָּהָל חֻקָּה אַחַת לָכֶם וְלַגֵּר הַגָּר טו
חֻקַּת עוֹלָם לְדֹרֹתֵיכֶם כָּכֶם כַּגֵּר יִהְיֶה לִפְנֵי יְהוָה: תּוֹרָה 16
אַחַת וּמִשְׁפָּט אֶחָד יִהְיֶה לָכֶם וְלַגֵּר הַגָּר אִתְּכֶם: פ
וַיְדַבֵּר יְהוָה אֶל־מֹשֶׁה לֵּאמֹר: דַּבֵּר אֶל־בְּנֵי יִשְׂרָאֵל 17 18
וְאָמַרְתָּ אֲלֵהֶם בְּבֹאֲכֶם אֶל־הָאָרֶץ אֲשֶׁר אֲנִי מֵבִיא אֶתְכֶם
שָׁמָּה: וְהָיָה בַּאֲכָלְכֶם מִלֶּחֶם הָאָרֶץ תָּרִימוּ תְרוּמָה 19
לַיהוָה: רֵאשִׁית עֲרִסֹתֵכֶם חַלָּה תָּרִימוּ תְרוּמָה כִּתְרוּמַת כ
גֹּרֶן כֵּן תָּרִימוּ אֹתָהּ: מֵרֵאשִׁית עֲרִסֹתֵיכֶם תִּתְּנוּ לַיהוָה 21
תְּרוּמָה לְדֹרֹתֵיכֶם: ס וְכִי תִשְׁגּוּ וְלֹא תַעֲשׂוּ אֵת 22
כָּל־הַמִּצְוֹת הָאֵלֶּה אֲשֶׁר־דִּבֶּר יְהוָה אֶל־מֹשֶׁה: אֵת כָּל־ 23
אֲשֶׁר צִוָּה יְהוָה אֲלֵיכֶם בְּיַד־מֹשֶׁה מִן־הַיּוֹם אֲשֶׁר צִוָּה
יְהוָה וָהָלְאָה לְדֹרֹתֵיכֶם: וְהָיָה אִם מֵעֵינֵי הָעֵדָה נֶעֶשְׂתָה 24
לִשְׁגָגָה וְעָשׂוּ כָל־הָעֵדָה פַּר בֶּן־בָּקָר אֶחָד לְעֹלָה לְרֵיחַ
נִיחֹחַ לַיהוָה וּמִנְחָתוֹ וְנִסְכּוֹ כַּמִּשְׁפָּט וּשְׂעִיר־עִזִּים אֶחָד
לְחַטָּת: וְכִפֶּר הַכֹּהֵן עַל־כָּל־עֲדַת בְּנֵי יִשְׂרָאֵל וְנִסְלַח כה
לָהֶם כִּי־שְׁגָגָה הִוא וְהֵם הֵבִיאוּ אֶת־קָרְבָּנָם אִשֶּׁה לַיהוָה

6 אָדער פַאר אַיין ווידער זָאלסט דוא
מַאכֶען אַ מִנְחָה פוּן צְווייא צֶעהְנְטֶעל
זֶעמֶעל מֶעהְל גֶעמִישְׁט מִיט אַיין דְרִיטֶעל
הִין אֵייל: 7 אוּנְד אַיין דְרִיטֶעל הִין ווַיין
צוּ אַ גִים אָפְּפֶער זָאלְסְט דוּא מַקְרִיב זַיין
אַיין אָנְגֶענֶעמֶען גֶערוּךְ צוּ גָאט: 8 אוּנְד
ווֶען דוּא ווֶעסְט מַאכֶען פוּן יוּנְגֶע רִינְדֶער
אַ בְּרַאנְד אָפְּפֶער אָדֶער אַ שֶׁעכְט אָפְּפֶער
אָפְּצוּשֵׁיידֶען אַ נֶדֶר, אָדֶער אַ פְרִיד
אָפְּפֶער צוּ גָאט: 9 אַזוֹי זָאל עֶר מַקְרִיב
זַיין מִיט דֶעם יוּנְגֶען רִינְד אַ מִנְחָה פוּן
דְרֵייא צֶעהְנְטֶעל זֶעמֶעל מֶעהְל גֶעמִישְׁט
מִיט אַ הַאלְבֶען הִין אֵייל: 10 אוּנְד צוּ
אַ גִים אָפְּפֶער זָאלְסְט דוּא מַקְרִיב זַיין אַ
הַאלְבֶען הִין ווַיין, עֶס אִיז אַ פֵייעֶר
אָפְּפֶער, אַיין אָנְגֶענֶעמֶער גֶערוּךְ צוּ גָאט:
11 אַזוֹי זָאל אוֹיךְ גֶעטְהוּן ווֶערֶען צוּ
אַיין אָקְס, אָדֶער צוּ אַ ווִידֶער, אָדֶער צוּ
אַ לֶעמֶעלֶע אִין דִיא שָׁאף אָדֶער אִין
דִיא צִיגֶען: 12 אִין דִיא צָאל וואָס אִיהְר
ווֶעט מַאכֶען, זָאלְט אִיהְר אַזוֹי טְהוּן צוּ
אִיטְלִיכֶען (קָרְבָּן) נָאךְ זֵיירֶע צָאל:
13 אִיטְלִיכֶער אַלְט־בֶּעזֶעסֶענֶער זָאל אַזוֹי
טְהוּן מִיט דִיא דָאזִיגֶע (קָרְבָּנוֹת) מַקְרִיב
צוּ זַיין אַ פֵייעֶר אָפְּפֶער, אַיין אָנְגֶענֶעמֶען
גֶערוּךְ צוּ גָאט: 14 אוּנְד ווֶען עֶס ווֶעט בֵּייא אֵייךְ ווְאוֹינֶען אַ גֵר, אָדֶער עֶר ווֶעט
צְווִישֶׁען אֵייךְ זַיין אִין אֵיירֶע דוֹרוֹת אוּנְד עֶר ווִיל מַאכֶען אַ פֵייעֶר אָפְּפֶער, אַיין אָנְגֶענֶעמֶען
גֶערוּךְ צוּ גָאט, אַזוֹי ווִיא אִיהְר טְהוּט זָאל עֶר אוֹיךְ טְהוּן: 15 אִין דֶער גֶעמֵיינְדֶע זָאל
זַיין אַיין גֶעזֶעץ צוּ אֵייךְ אוּנְד צוּ דֶעם גֵר וואָס ווְאוֹינְט בֵּייא אֵייךְ אַיין אֵייבִּיגֶעס
גֶעזֶעץ פַאר אַלֶע אֵיירֶע דוֹרוֹת, ווִיא אִיהְר זַייט אַזוֹי אִיז דֶער גֵר פַאר גָאט: 16 אֵיינֶע
לֶערְנוּנְג אוּנְד אַיין גֶערִיכְט זָאל זַיין צוּ אֵייךְ אוּנְד צוּ דֶעם גֵר וואָס ווְאוֹינְט
בֵּייא אֵייךְ:

17 אוּנְד גָאט הָאט גֶערֶעט צוּ מֹשֶׁה אַזוֹי צוּ זָאגֶען: 18 רֶעד צוּ דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל,
אוּנְד דוּא זָאלְסְט צוּ זֵייא זָאגֶען, ווֶען אִיהְר ווֶעט קוּמֶען אִין דֶעם לַאנְד וואָס אִיךְ ווֶעל
אֵייךְ דָארְט אַהִין בְּרֶענְגֶען: 19 אוּנְד עֶס ווֶעט זַיין ווֶען אִיהְר ווֶעט עֶסֶען פוּן דֶעם
בְּרוֹיט פוּן דֶעם לַאנְד, זָאלְט אִיהְר אָפְּשֵׁיידֶען אֵיינֶע אָפְּשֵׁיידוּנְג צוּ גָאט: 20 דָאס
עֶרְשְׁטֶע פוּן אֵייעֶר טֵייג זָאלְט אִיהְר אָפְּשֵׁיידֶען אֵיינֶע אָפְּשֵׁיידוּנְג פוּן חַלָּה, ווִיא דִיא
אָפְּשֵׁיידוּנְג פוּן שֵׁייעֶר אַזוֹי זָאלְט אִיהְר דָאס אָפְּשֵׁיידֶען: 21 פוּן דֶעם עֶרְשְׁטֶען פוּן
אֵייעֶר טֵייג זָאלְט אִיהְר דִיא אָפְּשֵׁיידוּנְג גֶעבֶּען צוּ גָאט, פַאר אַלֶע אֵיירֶע דוֹרוֹת:
22 אוּנְד ווֶען אִיהְר ווֶעט זִינְדִיגֶען בְּשׁוֹגֵג אוּנְד אִיהְר ווֶעט נִיט טְהוּן אַלֶע דִיא דָאזִיגֶע
מִצְוֹת וואָס גָאט הָאט גֶערֶעט דוּרְךְ מֹשֶׁה: 23 אַלֶעס וואָס גָאט הָאט אֵייךְ גֶעבָּאטֶען
דוּרְךְ מֹשֶׁה, פוּן דֶעם טָאג וואָס גָאט הָאט גֶעבָּאטֶען אוּנְד ווֵייטֶער צוּ אֵיירֶע דוֹרוֹת:
24 אוּנְד עֶס ווֶעט זַיין ווֶען אִין דִיא אוֹיגֶען פוּן דֶער גֶעמֵיינְדֶע אִיז עֶס גֶעטְהוּן
גֶעוָוארֶען אוּמְגֶערֶען, זָאל דִיא גַאנְצֶע גֶעמֵיינְדֶע מַאכֶען אַיין יוּנְגֶען שְׁטִיעֶר פַאר
אַ בְּרַאנְד אָפְּפֶער צוּ אַ לִיבְּלִיכֶען גֶעשְׁמַאק צוּ גָאט, אוּנְד זַיין שְׁפֵּייז אָפְּפֶער
אוּנְד זַיינֶע גִיסוּנְג גְלֵייךְ אַזוֹי ווִיא דָאס גֶערִיכְט, אוּנְד אַיין צִיגֶען בֶּעקֶעל פַאר
אַ זִינְד אָפְּפֶער: 25 אוּנְד דֶער כֹּהֵן זָאל מְכַפֵּר זַיין פַאר דִיא גַאנְצֶע גֶעמֵיינְדֶע
פוּן דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל אוּנְד עֶס זָאל זֵייא פֶערְגֶעבֶּען ווֶערֶען, ווֵייל עֶס אִיז אַיין
אִירְטְהוּם, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעבְּרַאכְט אַלְס זֵייעֶר אָפְּפֶער אַ פֵייעֶר אָפְּפֶער צוּ גָאט,

26 וְחַטָּאתָם לִפְנֵי יְהוָה עַל־שִׁגְגָתָם׃ וְנִסְלַח לְכָל־עֲדַת בְּנֵי
יִשְׂרָאֵל וְלַגֵּר הַגָּר בְּתוֹכָם כִּי לְכָל־הָעָם בִּשְׁגָגָה׃ ס
27 וְאִם־נֶפֶשׁ אַחַת תֶּחֱטָא בִשְׁגָגָה וְהִקְרִיבָה עֵז בַּת־שְׁנָתָהּ
28 לְחַטָּאת׃ וְכִפֶּר הַכֹּהֵן עַל־הַנֶּפֶשׁ הַשֹּׁגֶגֶת בְּחֶטְאָה בִשְׁגָגָה
29 לִפְנֵי יְהוָה לְכַפֵּר עָלָיו וְנִסְלַח לוֹ׃ הָאֶזְרָח בִּבְנֵי יִשְׂרָאֵל
וְלַגֵּר הַגָּר בְּתוֹכָם תּוֹרָה אַחַת יִהְיֶה לָכֶם לָעֹשֶׂה בִּשְׁגָגָה׃
ל וְהַנֶּפֶשׁ אֲשֶׁר־תַּעֲשֶׂה ׀ בְּיָד רָמָה מִן־הָאֶזְרָח וּמִן־הַגֵּר אֶת־
יְהוָה הוּא מְגַדֵּף וְנִכְרְתָה הַנֶּפֶשׁ הַהִוא מִקֶּרֶב עַמָּהּ׃
31 כִּי דְבַר־יְהוָה בָּזָה וְאֶת־מִצְוָתוֹ הֵפַר הִכָּרֵת ׀ תִּכָּרֵת הַנֶּפֶשׁ
הַהִוא עֲוֺנָה בָהּ׃ פ
32 וַיִּהְיוּ בְנֵי־יִשְׂרָאֵל בַּמִּדְבָּר וַיִּמְצְאוּ אִישׁ מְקֹשֵׁשׁ עֵצִים
33 בְּיוֹם הַשַּׁבָּת׃ וַיַּקְרִיבוּ אֹתוֹ הַמֹּצְאִים אֹתוֹ מְקֹשֵׁשׁ עֵצִים
34 אֶל־מֹשֶׁה וְאֶל־אַהֲרֹן וְאֶל כָּל־הָעֵדָה׃ וַיַּנִּיחוּ אֹתוֹ בַּמִּשְׁמָר
לה כִּי לֹא פֹרַשׁ מַה־יֵּעָשֶׂה לוֹ׃ ס וַיֹּאמֶר יְהוָה אֶל־מֹשֶׁה
מוֹת יוּמַת הָאִישׁ רָגוֹם אֹתוֹ בָאֲבָנִים כָּל־הָעֵדָה מִחוּץ
36 לַמַּחֲנֶה׃ וַיֹּצִיאוּ אֹתוֹ כָּל־הָעֵדָה אֶל־מִחוּץ לַמַּחֲנֶה וַיִּרְגְּמוּ
אֹתוֹ בָּאֲבָנִים וַיָּמֹת כַּאֲשֶׁר צִוָּה יְהוָה אֶת־מֹשֶׁה׃ פ
37 38 וַיֹּאמֶר יְהוָה אֶל־מֹשֶׁה לֵּאמֹר׃ דַּבֵּר אֶל־בְּנֵי יִשְׂרָאֵל
וְאָמַרְתָּ אֲלֵהֶם וְעָשׂוּ לָהֶם צִיצִת עַל־כַּנְפֵי בִגְדֵיהֶם לְדֹרֹתָם
39 וְנָתְנוּ עַל־צִיצִת הַכָּנָף פְּתִיל תְּכֵלֶת׃ וְהָיָה לָכֶם לְצִיצִת
וּרְאִיתֶם אֹתוֹ וּזְכַרְתֶּם אֶת־כָּל־מִצְוֺת יְהוָה וַעֲשִׂיתֶם אֹתָם
וְלֹא־תָתוּרוּ אַחֲרֵי לְבַבְכֶם וְאַחֲרֵי עֵינֵיכֶם אֲשֶׁר־אַתֶּם
מ זֹנִים אַחֲרֵיהֶם׃ לְמַעַן תִּזְכְּרוּ וַעֲשִׂיתֶם אֶת־כָּל־מִצְוֺתָי
41 וִהְיִיתֶם קְדֹשִׁים לֵאלֹהֵיכֶם׃ אֲנִי יְהוָה אֱלֹהֵיכֶם אֲשֶׁר
הוֹצֵאתִי אֶתְכֶם מֵאֶרֶץ מִצְרַיִם לִהְיוֹת לָכֶם לֵאלֹהִים אֲנִי
יְהוָה אֱלֹהֵיכֶם׃

אוּנְד זַייעֶר זִינְד אָפְּפֶער פַאר גָאט, וֶועגֶען זַייעֶר אִירְטְהוּם׃ 26 אוּנְד עֶס זָאל פֶערְגֶעבֶּען וֶוערֶען צוּ דִיא גַאנְצֶע גֶעמֵיינְדֶע פוּן דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל אוּנְד צוּ דֶעם פְרֶעמְדֶען וָואס וְואוֹינְט אוּנְטֶער זַייא, וֵוייל עֶס אִיז אֵיין אִירְטְהוּם צוּ דֶעם גַאנְצֶען פָאלְק׃ 27 אוּנְד וֶוען אַ נֶפֶשׁ וֶועט זִינְדִיגֶען אוּמְגֶערֶען, זָאל עֶר בְּרֶענְגֶען אַ צִיג אֵיין יָאהְר אַלְט פַאר אַ זִינְד אָפְּפֶער׃ 28 אוּנְד דֶער כֹּהֵן זָאל מְכַפֵּר זַיין פַאר דֶעם נֶפֶשׁ וָואס אִירְט, וֵוייל עֶר הָאט גֶעזִינְדִיגְט אוּמְגֶערֶען פַאר גָאט, מְכַפֵּר צוּ זַיין פַאר אִיהְם, אוּנְד עֶס זָאל אִיהְם פֶערְגֶעבֶּען וֶוערֶען׃ 29 צוּ דֶעם אֵיינְגֶעבּוֹירֶענֶעם אוּנְטֶער דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל אוּנְד דֶעם פְרֶעמְדֶען וָואס וְואוֹינְט אוּנְטֶער אֵייךְ זָאל זַיין אֵיין גֶעזֶעץ צוּ אֵייךְ צוּ דֶעם וָואס זִינְדִיגְט אוּמְגֶערֶען׃ 30 אוּנְד דָאס נֶפֶשׁ וֶועלְכֶער עֶס וֶועט טְהוּן בְּמֵזִיד, עֶס זַייא פוּן דֶעם אֵיינְגֶעבּוֹירֶענֶעם אָדֶער פוּן דֶעם גֵר, וֶוען עֶר לֶעסְטֶערְט גָאט, אַזוֹי זָאל דֶער דָאזִיגֶער נֶפֶשׁ פֶערשְׁנִיטֶען וֶוערֶען פוּן צְווִישֶׁען זַיין פָאלְק׃ 31 וֵוייל עֶר הָאט פֶערְאַכְטֶעט גָאטֶעס וָוארְט, אוּנְד הָאט פַארשְׁטֶערְט זַיין גֶעבָּאט עֶר זָאל גֶעוִויס פֶערשְׁנִיטֶען וֶוערֶען, זַיינֶע זִינְד אִיז אָן אִיהְם׃

32 אוּנְד דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל זֶענֶען גֶעוֶועזֶען אִין דֶער מִדְבָּר, אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶעפוּנֶען אַ מַאן וָואס הָאט גֶעקְלִיבֶּען הָאלְץ אַם שַׁבָּת׃ 33 אוּנְד דִיא וָואס הָאבֶּען אִיהְם גֶעפוּנֶען הָאלְץ קְלוֹיבֶּען הָאבֶּען אִיהְם גֶעבְּרַאכְט צוּ מֹשֶׁה אוּנְד צוּ אַהֲרֹן אוּנְד צוּ דֶער גַאנְצֶער גֶעמֵיינְדֶע׃ 34 אוּנְד זַייא הָאבֶּען אִיהְם גֶעלֵייגְט אִין תְּפִיסָה וֵוייל עֶס וָואר נִיט בֶּעשֵׁיידֶען וָואס מֶען זָאל צוּ אִיהְם טְהוּן׃ 35 אוּנְד גָאט הָאט גֶעזָאגְט צוּ מֹשֶׁה, דֶער מַאן זָאל גֶעווִיס שְׁטַארְבֶּען דִיא גַאנְצֶע גֶעמֵיינְדֶע זָאל אִיהְם שְׁטֵיינִיגֶען מִיט שְׁטֵיינֶער אוֹיסֶעןוֵיינִיג פוּן דֶער מַחֲנֶה׃ 36 אוּנְד דִיא גֶעמֵיינְדֶע הָאט אִיהְם אַרוֹיסְגֶעבְּרַאכְט אוֹיסֶעןוֵיינִיג פוּן דֶער מַחֲנֶה אוּנְד זַייא הָאבֶּען אִיהְם גֶעשְׁטֵיינִיגְט מִיט שְׁטֵיינֶער אוּנְד עֶר אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען, אַזוֹי וִויא גָאט הָאט גֶעבָּאטֶען צוּ מֹשֶׁה׃

37 אוּנְד גָאט הָאט גֶעזָאגְט צוּ מֹשֶׁה אַזוֹי צוּ זָאגֶען׃ 38 רֶעד צוּ דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל אוּנְד דוּא זָאלְסְט צוּ זַייא זָאגֶען אַז זַייא זָאלֶען מַאכֶען צִיצִית אוֹיף דִיא עֶקֶען פוּן זַיירֶע קְלֵיידֶער, צוּ זַיירֶע גֶעשְׁלֶעכְטֶער, אוּנְד זַייא זָאלֶען טְהוּן אוֹיף דִיא צִיצִית פוּן דֶעם זוֹים אַ בְּלוֹיעֶן פָאדֶים׃ 39 אוּנְד זַייא זָאלֶען צוּ אֵייךְ זַיין פַאר צִיצִית, אוּנְד אִיהְר זָאלְט זַייא זֶעהֶען, אַז אִיהְר זָאלְט גֶעדֶענְקֶען אַלֶע מִצְוֹת פוּן גָאט אוּנְד אִיהְר זָאלְט זַייא טְהוּן, אוּנְד אִיהְר זָאלְט אֵייךְ נִיט אָפְּקֶערֶען נָאךְ אֵיירֶע הֶערְצֶער אוּנְד נָאךְ אֵיירֶע אוֹיגֶען וָואס אִיהְר קֶעהְרְט אָפּ נָאךְ זַייא׃ 40 דָאס אִיהְר זָאלְט גֶעדֶענְקֶען אוּנְד אִיהְר זָאלְט טְהוּן אַלֶע מֵיינֶע מִצְוֹת, אַז אִיהְר זָאלְט זַיין הֵיילִיג צוּ אֵייעֶר גָאט׃ 41 אִיךְ בִּין דֶער הַאר אֵייעֶר גָאט וָואס אִיךְ הָאבּ אֵייךְ אַרוֹיסְגֶעבְּרַאכְט פוּן דֶעם לַאנְד מִצְרַיִם, צוּ אֵייךְ זַיין צוּ אַ גָאט, אִיךְ בִּין דֶער הַאר אֵייעֶר גָאט׃

פ פ פ לח

טז

וַיִּקַּח קֹרַח בֶּן־יִצְהָר בֶּן־קְהָת בֶּן־לֵוִי וְדָתָן וַאֲבִירָם בְּנֵי א
אֱלִיאָב וְאוֹן בֶּן־פֶּלֶת בְּנֵי רְאוּבֵן׃ וַיָּקֻמוּ לִפְנֵי מֹשֶׁה 2
וַאֲנָשִׁים מִבְּנֵי־יִשְׂרָאֵל חֲמִשִּׁים וּמָאתָיִם נְשִׂיאֵי עֵדָה
קְרִאֵי מוֹעֵד אַנְשֵׁי־שֵׁם׃ וַיִּקָּהֲלוּ עַל־מֹשֶׁה וְעַל־אַהֲרֹן 3
וַיֹּאמְרוּ אֲלֵהֶם רַב־לָכֶם כִּי כָל־הָעֵדָה כֻּלָּם קְדֹשִׁים
וּבְתוֹכָם יְהוָה וּמַדּוּעַ תִּתְנַשְּׂאוּ עַל־קְהַל יְהוָה׃ וַיִּשְׁמַע 4
מֹשֶׁה וַיִּפֹּל עַל־פָּנָיו׃ וַיְדַבֵּר אֶל־קֹרַח וְאֶל־כָּל־עֲדָתוֹ ה
לֵאמֹר בֹּקֶר וְיֹדַע יְהוָה אֶת־אֲשֶׁר־לוֹ וְאֶת־הַקָּדוֹשׁ וְהִקְרִיב
אֵלָיו וְאֵת אֲשֶׁר יִבְחַר־בּוֹ יַקְרִיב אֵלָיו׃ זֹאת עֲשׂוּ קְחוּ 6
לָכֶם מַחְתּוֹת קֹרַח וְכָל־עֲדָתוֹ׃ וּתְנוּ בָהֵן ׀ אֵשׁ וְשִׂימוּ 7
עֲלֵיהֶן ׀ קְטֹרֶת לִפְנֵי יְהוָה מָחָר וְהָיָה הָאִישׁ אֲשֶׁר־יִבְחַר
יְהוָה הוּא הַקָּדוֹשׁ רַב־לָכֶם בְּנֵי לֵוִי׃ וַיֹּאמֶר מֹשֶׁה אֶל־ 8
קֹרַח שִׁמְעוּ־נָא בְּנֵי לֵוִי׃ הַמְעַט מִכֶּם כִּי־הִבְדִּיל אֱלֹהֵי 9
יִשְׂרָאֵל אֶתְכֶם מֵעֲדַת יִשְׂרָאֵל לְהַקְרִיב אֶתְכֶם אֵלָיו לַעֲבֹד
אֶת־עֲבֹדַת מִשְׁכַּן יְהוָה וְלַעֲמֹד לִפְנֵי הָעֵדָה לְשָׁרְתָם׃
וַיַּקְרֵב אֹתְךָ וְאֶת־כָּל־אַחֶיךָ בְנֵי־לֵוִי אִתָּךְ וּבִקַּשְׁתֶּם גַּם־ י
כְּהֻנָּה׃ לָכֵן אַתָּה וְכָל־עֲדָתְךָ הַנֹּעָדִים עַל־יְהוָה וְאַהֲרֹן 11
מַה־הוּא כִּי תַלּוֹנוּ עָלָיו׃ וַיִּשְׁלַח מֹשֶׁה לִקְרֹא לְדָתָן 12
וְלַאֲבִירָם בְּנֵי אֱלִיאָב וַיֹּאמְרוּ לֹא נַעֲלֶה׃ הַמְעַט כִּי 13
הֶעֱלִיתָנוּ מֵאֶרֶץ זָבַת חָלָב וּדְבַשׁ לַהֲמִיתֵנוּ בַּמִּדְבָּר כִּי־
תִשְׂתָּרֵר עָלֵינוּ גַּם־הִשְׂתָּרֵר׃ אַף לֹא אֶל־אֶרֶץ זָבַת חָלָב 14
וּדְבַשׁ הֲבִיאֹתָנוּ וַתִּתֶּן־לָנוּ נַחֲלַת שָׂדֶה וָכָרֶם הַעֵינֵי
הָאֲנָשִׁים הָהֵם תְּנַקֵּר לֹא נַעֲלֶה׃ וַיִּחַר לְמֹשֶׁה מְאֹד טו
וַיֹּאמֶר אֶל־יְהוָה אַל־תֵּפֶן אֶל־מִנְחָתָם לֹא חֲמוֹר אֶחָד
מֵהֶם נָשָׂאתִי וְלֹא הֲרֵעֹתִי אֶת־אַחַד מֵהֶם׃ וַיֹּאמֶר מֹשֶׁה 16

## קאפיטעל טז

### קרח

1 אונד עס האט גענומען קרח זוהן פון
יצהר, זוהן פון קהת, זוהן פון לוי, אונד
דתן אונד אבירם דיא קינדער פון אליאב,
אונד און זוהן פון פלת פון דיא קינדער
ראובן: 2 אונד זייא זענען אויפגעשטאַ־
נען פאר משה אונד פאר דיא לייט פון
דיא קינדער ישראל, צוויא הונדערט
אונד פופציג נשיאים פון דער געמיינדע,
בערופענע פון דער פערזאמלונג, בערימ־
טע מענשען: 3 אונד זייא האבען זיך
פערזאמעלט קעגען משה אונד קעגען
אהרן, אונד זייא האבען צו זייא געזאגט,
עס איז צו פיל פאר אייך, וואָרין דיא
גאנצע געמיינדע זענען אלע היילִיג אונד
גאט איז צווישען זייא, אונד וואַרום זאלט
איהר אייך דען העכער מאכען איבער
דער פערזאמלונג פון גאט? 4 אונד
ווען משה האט דאס געהערט, איז ער
געפאלען אויף זיין פנים: 5 אונד ער
האט גערעט צו קרח אונד צו זיינע גאנצע געמיינדע, מארגען פריה וועט
גאט לאזען וויסען וועלכע זענען זיינע, אונד ווער עס איז הייליג זאל צו איהם
גענעהען, אונד דעם וואס ער וועט אויסדערוויילען וועט צו איהם מקריב זיין:
6 דאס זאלט איהר טהון, נעמט אייך פייער־פאנען, קרח אונד זיינע גאנצע געמיינדע:
7 אונד איהר זאלט דרינען טהון פייער, אונד טהוט דרויף קטרת פאר גאט, מארגען
פריה, אונד עס וועט זיין, דער מאן וואס גאט וועט איהם אויסדערוויילען דערזעלבי־
גער איז הייליג, עס איז צופיל פאר אייך איהר קינדער פון לוי: 8 אונד משה האט
געזאגט צו קרח, הערט צו איך בעט אייך, קינדער פון לוי: 9 איז עס פאר אייך
ווייניג אז גאט פון ישראל האט אייך אפגעשייט פון דער געמיינדע פון ישראל, אייך
נאהענט צו ברענגען צו איהם, צו דינען דעם דינסט אין דעם משכן פון גאט, אונד צו
שטיין פאר דער געמיינדע זייא צו דינען: 10 אונד ער האט דיך נאהענט געבראכט
מיט אלע דיינע ברידער דיא קינדער פון לוי מיט דיר, אונד איהר האט אויך דיא
כהונה בעגערט? 11 דארום, דו אונד דיינע גאנצע געמיינדע וואס האבען זיך
פערזאמעלט, עס איז קעגען גאט. אונד וואס איז אהרן דאס איהר מורמעלט קעגען
איהם? 12 אונד משה האט געשיקט צו רופען דתן אונד אבירם דיא זיהן פון אליאב,
אונד זייא האבען געזאגט, מיר וועלען ניט ארויפגיין: 13 איז עס ווייניג דאס דו
האסט אונס ארויסגעבראכט פון א לאנד וואס רינט מיט מילך אונד האניג אונס צו
טייטען אין דער מדבר, דאס דו טהוסט אויך הערשען איבער אונס מיט הערשע־
רייא? 14 דו האסט אונס אויך ניט געבראכט צו דעם לאנד וואס רינט מיט מילך
אונד האניג, אונד האסט אונס ניט געגעבען דיא נחלה פון פעלד אונד וויינגערטען,
ווילסט דו אויסשטאכען דיא אויגען פון דיא דאזיגע מענשען? מיר
וועלען ניט ארויפגיין: 15 אונד עס האט משה זעהר פערדראסען, אונד ער
האט געזאגט צו גאט, דו זאלסט דיך ניט קערען צו זייער שפייז־אפפער,
איך האב ניט איין איינציגען אייזעל פון זייא אנגענומען, אונד איך האב
איינעם פון זייא קיין שלעכטס געטהון: 16 אונד משה האט געזאגט

אֶל־קֹרַח אַתָּה וְכָל־עֲדָתְךָ הֱיוּ לִפְנֵי יְהוָה אַתָּה וָהֵם
17 וְאַהֲרֹן מָחָר׃ וּקְחוּ ׀ אִישׁ מַחְתָּתוֹ וּנְתַתֶּם עֲלֵיהֶם קְטֹרֶת
וְהִקְרַבְתֶּם לִפְנֵי יְהוָה אִישׁ מַחְתָּתוֹ חֲמִשִּׁים וּמָאתַיִם
18 מַחְתֹּת וְאַתָּה וְאַהֲרֹן אִישׁ מַחְתָּתוֹ׃ וַיִּקְחוּ אִישׁ מַחְתָּתוֹ
וַיִּתְּנוּ עֲלֵיהֶם אֵשׁ וַיָּשִׂימוּ עֲלֵיהֶם קְטֹרֶת וַיַּעַמְדוּ פֶּתַח
19 אֹהֶל מוֹעֵד וּמֹשֶׁה וְאַהֲרֹן׃ וַיַּקְהֵל עֲלֵיהֶם קֹרַח אֶת־כָּל־
הָעֵדָה אֶל־פֶּתַח אֹהֶל מוֹעֵד וַיֵּרָא כְבוֹד־יְהוָה אֶל־כָּל־
כ הָעֵדָה׃ ס וַיְדַבֵּר יְהוָה אֶל־מֹשֶׁה וְאֶל־אַהֲרֹן לֵאמֹר׃
21 22 הִבָּדְלוּ מִתּוֹךְ הָעֵדָה הַזֹּאת וַאֲכַלֶּה אֹתָם כְּרָגַע׃ וַיִּפְּלוּ
עַל־פְּנֵיהֶם וַיֹּאמְרוּ אֵל אֱלֹהֵי הָרוּחֹת לְכָל־בָּשָׂר הָאִישׁ
23 אֶחָד יֶחֱטָא וְעַל כָּל־הָעֵדָה תִּקְצֹף׃ ס וַיְדַבֵּר יְהוָה
24 אֶל־מֹשֶׁה לֵּאמֹר׃ דַּבֵּר אֶל־הָעֵדָה לֵאמֹר הֵעָלוּ מִסָּבִיב
כה לְמִשְׁכַּן־קֹרַח דָּתָן וַאֲבִירָם׃ וַיָּקָם מֹשֶׁה וַיֵּלֶךְ אֶל־
26 דָּתָן וַאֲבִירָם וַיֵּלְכוּ אַחֲרָיו זִקְנֵי יִשְׂרָאֵל׃ וַיְדַבֵּר אֶל־
הָעֵדָה לֵאמֹר סוּרוּ נָא מֵעַל אָהֳלֵי הָאֲנָשִׁים הָרְשָׁעִים
הָאֵלֶּה וְאַל־תִּגְּעוּ בְּכָל־אֲשֶׁר לָהֶם פֶּן־תִּסָּפוּ בְּכָל־
27 חַטֹּאתָם׃ וַיֵּעָלוּ מֵעַל מִשְׁכַּן־קֹרַח דָּתָן וַאֲבִירָם מִסָּבִיב
וְדָתָן וַאֲבִירָם יָצְאוּ נִצָּבִים פֶּתַח אָהֳלֵיהֶם וּנְשֵׁיהֶם
28 וּבְנֵיהֶם וְטַפָּם׃ וַיֹּאמֶר מֹשֶׁה בְּזֹאת תֵּדְעוּן כִּי־יְהוָה שְׁלָחַנִי
29 לַעֲשׂוֹת אֵת כָּל־הַמַּעֲשִׂים הָאֵלֶּה כִּי־לֹא מִלִּבִּי׃ אִם־כְּמוֹת
כָּל־הָאָדָם יְמֻתוּן אֵלֶּה וּפְקֻדַּת כָּל־הָאָדָם יִפָּקֵד עֲלֵיהֶם
ל לֹא יְהוָה שְׁלָחָנִי׃ וְאִם־בְּרִיאָה יִבְרָא יְהוָה וּפָצְתָה
הָאֲדָמָה אֶת־פִּיהָ וּבָלְעָה אֹתָם וְאֶת־כָּל־אֲשֶׁר לָהֶם וְיָרְדוּ
חַיִּים שְׁאֹלָה וִידַעְתֶּם כִּי נִאֲצוּ הָאֲנָשִׁים הָאֵלֶּה אֶת־
31 יְהוָה׃ וַיְהִי כְּכַלֹּתוֹ לְדַבֵּר אֵת כָּל־הַדְּבָרִים הָאֵלֶּה וַתִּבָּקַע
32 הָאֲדָמָה אֲשֶׁר תַּחְתֵּיהֶם׃ וַתִּפְתַּח הָאָרֶץ אֶת־פִּיהָ וַתִּבְלַע
אֹתָם וְאֶת־בָּתֵּיהֶם וְאֵת כָּל־הָאָדָם אֲשֶׁר לְקֹרַח וְאֵת כָּל־
33 הָרְכוּשׁ׃ וַיֵּרְדוּ הֵם וְכָל־אֲשֶׁר לָהֶם חַיִּים שְׁאֹלָה וַתְּכַס

צוּ קֹרַח, דוּא אוּנְד דֵיינֶע גַאנְצֶע גֶעמֵיינְדֶע זֵייט פַאר גָאט מָארְגֶען, דוּא אוּנְד זֵייא אוּנְד אַהֲרֹן: 17 אוּנְד נֶעמְט אִיטְלִיכֶער מַאן זֵיינֶע פֵייעֶר־פַאן אוּנְד אִיהְר זָאלְט דְרוֹיף טְהוּן קְטֹרֶת, אוּנְד אִיהְר זָאלְט גֶענֶעהֶנֶען פַאר גָאט, אִיטְלִיכֶער מַאן מִיט זֵיינֶע פֵייעֶר־פַאן, צְוֵוייא הוּנְדֶערְט אוּנְד פוּפְצִיג פֵייעֶר־פַאנֶען, אוּנְד דוּא אוּנְד אַהֲרֹן, אִיטְלִיכֶער מִיט זֵיינֶע פֵייעֶר־פַאן: 18 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶענוּמֶען אִיטְלִיכֶער מַאן זֵיינֶע פֵייעֶר־פַאן אוּנְד זֵייא הָאבֶּען דְרוֹיף גֶעגֶעבֶּען פֵייעֶר, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען דְרוֹיף גֶעטְהוּן קְטֹרֶת, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זִיךְ גֶעשְׁטֶעלְט בֵּייא דֶער טִיר פוּן דֶעם גֶע־צֶעלְט פוּן דֶער פֶערְזַאמְלוּנְג, אוֹיךְ מֹשֶׁה אוּנְד אַהֲרֹן: 19 אוּנְד קֹרַח הָאט אוֹיף זֵייא פֶערְזַאמֶעלְט דִיא גַאנְצֶע גֶעמֵיינְדֶע צוּ דֶער טִיר פוּן דֶעם גֶעצֶעלְט פוּן דֶער פֶערְזַאמְלוּנְג, אוּנְד דֶער כָּבוֹד פוּן גָאט הָאט זִיךְ בַּאווִיזֶען צוּ דֶער גַאנְצֶער גֶע־מֵיינְדֶע: 20 אוּנְד גָאט הָאט גֶערֶעט צוּ מֹשֶׁה אוּנְד צוּ אַהֲרֹן אַזוֹי צוּ זָאגֶען: 21 שֵׁייט אֵייךְ אָפּ פוּן דֶער דָאזִיגֶער גֶעמֵיינְדֶע, אוּנְד אִיךְ װֶעל זֵייא פֶערְ־צֶעהְרֶען אִין אֵיין אוֹיגֶענְבְּלִיק: 22 אוּנְד זֵייא זֶענֶען גֶעפַאלֶען אוֹיף זֵייעֶר פָּנִים אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט, אָ גָאט, דֶער גָאט פוּן דִיא גֵייסְטֶער פוּן אַלֶע מֶענְשֶׁען, אֵיין מֶענְשׁ הָאט גֶעזִינְדִיגְט וִוילְסְט דוּא צָארְנִיג זֵיין אִיבֶּער דֶער גַאנְצֶער גֶעמֵיינְדֶע? 23 אוּנְד גָאט הָאט גֶערֶעט צוּ מֹשֶׁה אַזוֹי צוּ זָאגֶען: 24 רֶעד צוּ דִיא גֶעמֵיינְדֶע אַזוֹי צוּ זָאגֶען, גֵייט אַרוֹיף פוּן רִינְגְסאַרוּם פוּן דִיא װְאוֹינוּנְגֶען פוּן קֹרַח אוּנְד דָתָן אוּנְד אֲבִירָם: 25 אוּנְד מֹשֶׁה אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען אוּנְד עֶר אִיז גֶעגַאנְגֶען צוּ דָתָן אוּנְד אֲבִירָם, אוּנְד נָאךְ אִיהְם זֶענֶען גֶעגַאנְגֶען דִיא עֶלְצְטֶע פוּן יִשְׂרָאֵל: 26 אוּנְד עֶר הָאט גֶערֶעט צוּ דֶער גֶעמֵיינְדֶע אַזוֹי צוּ זָאגֶען, גֵייט אַװֶעק פוּן דִיא גֶעצֶעלְטֶען פוּן דִיא דָאזִיגֶע שְׁלֶעכְטֶע מֶענְשֶׁען, אוּנְד אִיהְר זָאלְט נִיט אָנְרִירֶען אָן עֶטְוַואס װָאס אִיז זֵייעֶרְס, טָאמֶער װֶעט אִיהְר אוּמְקוּמֶען װֶעגֶען אַלֶע זֵייעֶרֶע זִינְד: 27 אוּנְד זֵייא זֶענֶען אַװֶעקְגֶעגַאנְגֶען פוּן רִינְגְסאַרוּם פוּן דִיא װְאוֹינוּנְג פוּן דָתָן אוּנְד אֲבִירָם, אוּנְד דָתָן אוּנְד אֲבִירָם זֶענֶען אַרוֹיסְגֶעקוּמֶען אוּנְד זֶענֶען גֶעשְׁטַאנֶען בֵּייא דִיא טִירֶען פוּן זֵייעֶרֶע גֶעצֶעלְטֶער, מִיט זֵייעֶרֶע װֵייבֶּער אוּנְד מִיט זֵייעֶרֶע זִיהְן אוּנְד קְלֵיינֶע קִינְדֶער: 28 אוּנְד מֹשֶׁה הָאט גֶעזָאגְט, דֶערְמִיט זָאלְט אִיהְר װִיסֶען אַז גָאט הָאט מִיךְ גֶעשִׁיקְט צוּ טְהוּן אַלֶע דִיזֶע זַאכֶען, אַז עֶס אִיז נִיט פוּן מֵיין הַארְץ: 29 װֶען דִיזֶע װֶעלֶען שְׁטַארְבֶּען װִיא אַלֶע אַנְדֶערֶע מֶענְשֶׁען, אוּנְד דִיא בֶּעפֶעלוּנְג פוּן אַלֶע מֶענְשֶׁען װֶעט אוֹיף זֵייא בֶּעפֶעלְט װֶערֶען, אַזוֹי הָאט מִיךְ גָאט נִיט גֶעשִׁיקְט: 30 אָבֶּער װֶען גָאט װֶעט בֶּעשַׁאפֶען אַ בֶּעשֶׁעפֶענִישׁ, אוּנְד דִיא עֶרְד װֶעט אוֹיפְמַאכֶען אִיהְר מוֹיל אוּנְד װֶעט זֵייא אֵיינְשְׁלִינְגֶען אוּנְד אַלֶעס װָאס אִיז זֵייעֶרְס, אוּנְד זֵייא װֶעלֶען לֶעבֶּעדִי־גֶערְהֵייט אַרֵיין אִין דִיא גְרוּבּ, װֶעט אִיהְר װִיסֶען אַז דִיזֶע מֶענְשֶׁען הָאבֶּען גָאט דֶערְצָארְנְט: 31 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען װֶען עֶר הָאט אוֹיפְגֶעהֶערְט צוּ רֶעדֶען אַלֶע דִיא דָאזִיגֶע װֶערְטֶער, הָאט זִיךְ דִיא עֶרְד אוּנְטֶער זֵייא צוּ־שְׁפָּאלְטֶען: 32 אוּנְד דִיא עֶרְד הָאט אוֹיפְגֶעמַאכְט אִיהְר מוֹיל אוּנְד הָאט זֵייא אוּנְד זֵייעֶרֶע הֵייזֶער אֵיינְגֶעשְׁלוּנְגֶען, אוּנְד אַלֶע מֶענְשֶׁען װָאס זֶענֶען גֶעוֶועזֶען מִיט קֹרַח, אוּנְד דָאס גַאנְצֶע פַארְמֶעגֶען: 33 אוּנְד זֵייא אוּנְד אַלֶעס װָאס אִיז זֵייעֶרְס אִיז אַרוּפְּגֶענִידֶערְט גֶעוָוארֶען לֶעבֶּעדִיגֶערְהֵייט אִין דִיא גְרוּבּ, אוּנְד

דיא

עֲלֵיהֶם הָאָרֶץ וַיֹּאבְדוּ מִתּוֹךְ הַקָּהָל׃ וְכָל־יִשְׂרָאֵל אֲשֶׁר 34
סְבִיבֹתֵיהֶם נָסוּ לְקֹלָם כִּי אָמְרוּ פֶּן־תִּבְלָעֵנוּ הָאָרֶץ׃
וְאֵשׁ יָצְאָה מֵאֵת יְהוָה וַתֹּאכַל אֵת הַחֲמִשִּׁים וּמָאתַיִם אִישׁ לה
מַקְרִיבֵי הַקְּטֹרֶת׃ ס

יז

וַיְדַבֵּר יְהוָה אֶל־מֹשֶׁה לֵּאמֹר׃ אֱמֹר אֶל־אֶלְעָזָר בֶּן־אַהֲרֹן א 2
הַכֹּהֵן וְיָרֵם אֶת־הַמַּחְתֹּת מִבֵּין הַשְּׂרֵפָה וְאֶת־הָאֵשׁ זְרֵה־
הָלְאָה כִּי קָדֵשׁוּ׃ אֵת מַחְתּוֹת הַחַטָּאִים הָאֵלֶּה בְּנַפְשֹׁתָם 3
וְעָשׂוּ אֹתָם רִקֻּעֵי פַחִים צִפּוּי לַמִּזְבֵּחַ כִּי־הִקְרִיבֻם לִפְנֵי־
יְהוָה וַיִּקְדָּשׁוּ וְיִהְיוּ לְאוֹת לִבְנֵי יִשְׂרָאֵל׃ וַיִּקַּח אֶלְעָזָר 4
הַכֹּהֵן אֵת מַחְתּוֹת הַנְּחֹשֶׁת אֲשֶׁר הִקְרִיבוּ הַשְּׂרֻפִים
וַיְרַקְּעוּם צִפּוּי לַמִּזְבֵּחַ׃ זִכָּרוֹן לִבְנֵי יִשְׂרָאֵל לְמַעַן אֲשֶׁר ה
לֹא־יִקְרַב אִישׁ זָר אֲשֶׁר לֹא מִזֶּרַע אַהֲרֹן הוּא לְהַקְטִיר
קְטֹרֶת לִפְנֵי יְהוָה וְלֹא־יִהְיֶה כְקֹרַח וְכַעֲדָתוֹ כַּאֲשֶׁר דִּבֶּר
יְהוָה בְּיַד־מֹשֶׁה לוֹ׃ פ
וַיִּלֹּנוּ כָּל־עֲדַת בְּנֵי־יִשְׂרָאֵל מִמָּחֳרָת עַל־מֹשֶׁה וְעַל־אַהֲרֹן 6
לֵאמֹר אַתֶּם הֲמִתֶּם אֶת־עַם יְהוָה׃ וַיְהִי בְּהִקָּהֵל הָעֵדָה 7
עַל־מֹשֶׁה וְעַל־אַהֲרֹן וַיִּפְנוּ אֶל־אֹהֶל מוֹעֵד וְהִנֵּה כִסָּהוּ
הֶעָנָן וַיֵּרָא כְּבוֹד יְהוָה׃ וַיָּבֹא מֹשֶׁה וְאַהֲרֹן אֶל־פְּנֵי אֹהֶל 8
מוֹעֵד׃ ס וַיְדַבֵּר יְהוָה אֶל־מֹשֶׁה לֵּאמֹר׃ הֵרֹמּוּ מִתּוֹךְ 9
הָעֵדָה הַזֹּאת וַאֲכַלֶּה אֹתָם כְּרָגַע וַיִּפְּלוּ עַל־פְּנֵיהֶם׃ וַיֹּאמֶר 11
מֹשֶׁה אֶל־אַהֲרֹן קַח אֶת־הַמַּחְתָּה וְתֶן־עָלֶיהָ אֵשׁ מֵעַל
הַמִּזְבֵּחַ וְשִׂים קְטֹרֶת וְהוֹלֵךְ מְהֵרָה אֶל־הָעֵדָה וְכַפֵּר
עֲלֵיהֶם כִּי־יָצָא הַקֶּצֶף מִלִּפְנֵי יְהוָה הֵחֵל הַנָּגֶף׃ וַיִּקַּח 12
אַהֲרֹן כַּאֲשֶׁר דִּבֶּר מֹשֶׁה וַיָּרָץ אֶל־תּוֹךְ הַקָּהָל וְהִנֵּה הֵחֵל
הַנֶּגֶף בָּעָם וַיִּתֵּן אֶת־הַקְּטֹרֶת וַיְכַפֵּר עַל־הָעָם׃ וַיַּעֲמֹד 13
בֵּין־הַמֵּתִים וּבֵין הַחַיִּים וַתֵּעָצַר הַמַּגֵּפָה׃ וַיִּהְיוּ הַמֵּתִים 14
בַּמַּגֵּפָה אַרְבָּעָה עָשָׂר אֶלֶף וּשְׁבַע מֵאוֹת מִלְּבַד הַמֵּתִים

דִיא עֶרְד הָאט זִיךְ אִיבֶּער זֵייא צוּגֶע־דֶעקְט, אוּנְד זֵייא זֶענֶען פֶערְלוֹירֶען גֶעגַאנְגֶען פוּן צְווִישֶׁען דֶער גֶעמֵיינְדֶע: 34 אוּנְד גַאנְץ יִשְׂרָאֵל וָואס וַוארֶען אַרוּם זֵייא זֶענֶען אַוֶועקְגֶעלָאפֶען פוּן זֵייעֶר גֶעשְׁרֵייא, וֵוייל זֵייא הָאבֶּען גֶע־זָאגְט טָאמֶער וֶועט אוּנְס דִיא עֶרְד אֵיינְשְׁלִינְגֶען: 35 אוּנְד אַ פֵייעֶר אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען פוּן גָאט אוּנְד הָאט פֶערְצֶעהְרְט דִיא צְוֵוייא הוּנְדֶערְט אוּנְד פוּפְצִיג מֶענְשֶׁען וָואס הָאבֶּען מַקְרִיב גֶעוֶועזֶען קְטֹרֶת:

קאפיטעל יז

1 אוּנְד גָאט הָאט גֶערֶעט צוּ מֹשֶׁה אַזוֹי צוּ זָאגֶען: 2 זָאג צוּ אֶלְעָזָר, זוּהְן פוּן אַהֲרֹן הַכֹּהֵן, אוּנְד עֶר זָאל אוֹיפְהֵייבֶּען דִיא פֵייעֶרְפַאנֶען פוּן צְווִישֶׁען דִיא בְּרֶענוּנְג, אוּנְד וַוארְף אַוֶועק דָאס פֵייעֶר, וֵוייל זֵייא הָאבֶּען עֶס הֵיילִיג גֶעמַאכְט: 3 דִיא פֵייעֶרְפַאנֶען פוּן דִיא דָאזִיגֶע זִינְדֶער קֶעגֶען זִיךְ זֶעלְבְּסְט אוּנְד זֵייא זָאלֶען זֵייא מַאכֶען צוּ בְּלֶעךְ פַאר אֵיין אִיבֶּערְצוּג צוּ דֶעם מִזְבֵּחַ, וָוארִין זֵייא הָאבֶּען זֵייא גֶענֶעהְנְט פַאר גָאט, אוּנְד זֵייא זֶענֶען גֶעהֵיילִיגְט גֶעוָוארֶען, אוּנְד זֵייא זָאלֶען זַיין פַאר אֵיין צֵייכֶען צוּ דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל: 4 אוּנְד אֶלְעָזָר הַכֹּהֵן הָאט גֶענוּמֶען דִיא קוּפֶּערְנֶע פֵייעֶרְפַאנֶען וָואס דִיא וֶועלְכֶע זֶענֶען פֶערְבְּרֶענְט גֶעוָוארֶען הָאבֶּען גֶענֶעהְנְט, אוּנְד עֶר הָאט זֵייא דִין גֶעמַאכְט פַאר אֵיין אִיבֶּערְדֶעק צוּ דֶעם מִזְבֵּחַ: 5 פַאר אַ גֶעדֶעכְטְנִיס צוּ דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל כְּדֵי אַ פְרֶעמְדֶער וָואס אִיז נִיט פוּן דִיא קִינְדֶער פוּן אַהֲרֹן זָאל נִיט מַקְרִיב זַיין קְטֹרֶת פַאר גָאט, אוּנְד עֶר זָאל נִיט זַיין וִויא קֹרַח אוּנְד זַיינֶע גֶעמֵיינְדֶע, אַזוֹי וִויא גָאט הָאט גֶערֶעט צוּ אִיהְם דוּרְךְ מֹשֶׁה:

6 אוּנְד דִיא גַאנְצֶע גֶעמֵיינְדֶע הָאט אוֹיף דֶעם מָארְגֶען גֶעמוּרְמֶעלְט קֶעגֶען מֹשֶׁה אוּנְד אַהֲרֹן אַזוֹי צוּ זָאגֶען, אִיהְר הָאט גֶעטֵייט דָאס פָאלְק פוּן גָאט: 7 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען וֶוען דִיא גַאנְצֶע גֶעמֵיינְדֶע הָאט זִיךְ פֶערְזַאמֶעלְט קֶעגֶען מֹשֶׁה אוּנְד אַהֲרֹן אַזוֹי הָאבֶּען זֵייא זִיךְ גֶעקֶעהְרְט צוּ דֶעם גֶעצֶעלְט פוּן דֶער פֶערְזַאמְלוּנְג, אוּנְד נוּן דֶער וָאלְקֶען הָאט אִיהְם בֶּעדֶעקְט, אוּנְד דֶער כָּבוֹד פוּן גָאט הָאט זִיךְ בֶּעוִויזֶען: 8 אוּנְד מֹשֶׁה אוּנְד אַהֲרֹן זֶענֶען גֶעקוּמֶען פָאר דֶעם גֶעצֶעלְט פוּן דֶער פֶערְזַאמְלוּנְג: 9 אוּנְד גָאט הָאט גֶערֶעט צוּ מֹשֶׁה אַזוֹי צוּ זָאגֶען: 10 שֵׁייט אֵייךְ אָפּ פוּן צְווִישֶׁען דִיא דָאזִיגֶע גֶעמֵיינְדֶע, אוּנְד אִיךְ וֶועל זֵייא פֶערְטִילְגֶען אִין אֵיין אוֹיגֶענְבְּלִיק, אוּנְד זֵייא זֶענֶען גֶעפַאלֶען אוֹיף זֵייעֶר פָּנִים: 11 אוּנְד מֹשֶׁה הָאט גֶעזָאגְט צוּ אַהֲרֹן נֶעם אַ פֵייעֶרְפַאן אוּנְד גֶעב דְרוֹיף רוֹיכְוֶוערְק אוּנְד גֵייא גֶעשְׁווִינְד צוּ דֶער גֶעמֵיינְדֶע אוּנְד זֵייא מְכַפֵּר פַאר זֵייא, וָוארִין דֶער צָארְן פוּן גָאט אִיז אוֹיסְגֶעגַאנְגֶען, דִיא פְּלָאג הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען: 12 אוּנְד אַהֲרֹן הָאט גֶענוּמֶען אַזוֹי וִויא מֹשֶׁה הָאט גֶעבָּאטֶען, אוּנְד אִיז גֶעלָאפֶען אִין דֶער פֶערְזַאמְלוּנְג, אוּנְד דִיא פְּלָאג הָאט שׁוֹין אָנְגֶעהוֹיבֶּען צְווִישֶׁען דֶעם פָאלְק, אוּנְד עֶר הָאט אַרֵיין גֶעטְהוּן רוֹיכְוֶוערְק אוּנְד עֶר הָאט מְכַפֵּר גֶעוֶועזֶען פַאר דֶעם פָאלְק: 13 אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ גֶעשְׁטֶעלְט צְווִישֶׁען דִיא לֶעבֶּעדִיגֶע אוּנְד טוֹיטֶע אוּנְד דִיא פְּלָאג אִיז אֵיינְגֶעהַאלְטֶען גֶעוָוארֶען: 14 אוּנְד דִיא טוֹיטֶע דוּרְךְ דֶער פְּלָאג זֶענֶען גֶעוֶועזֶען פִירְצֶעהְן טוֹיזֶענְד אוּנְד זִיבֶּען הוּנְדֶערְט, חוּץ דִיא וָואס זֶענֶען גֶעשְׁטָארְבֶּען

טו עַל־דְּבַר־קֹרַח׃ וַיָּשָׁב אַהֲרֹן אֶל־מֹשֶׁה אֶל־פֶּתַח אֹהֶל
מוֹעֵד וְהַמַּגֵּפָה נֶעֱצָרָה׃ פ
16 17 וַיְדַבֵּר יְהוָה אֶל־מֹשֶׁה לֵּאמֹר׃ דַּבֵּר ׀ אֶל־בְּנֵי יִשְׂרָאֵל
וְקַח מֵאִתָּם מַטֶּה מַטֶּה לְבֵית אָב מֵאֵת כָּל־נְשִׂיאֵהֶם
לְבֵית אֲבֹתָם שְׁנֵים עָשָׂר מַטּוֹת אִישׁ אֶת־שְׁמוֹ תִּכְתֹּב עַל־
18 מַטֵּהוּ׃ וְאֵת שֵׁם אַהֲרֹן תִּכְתֹּב עַל־מַטֵּה לֵוִי כִּי מַטֶּה אֶחָד
19 לְרֹאשׁ בֵּית אֲבוֹתָם׃ וְהִנַּחְתָּם בְּאֹהֶל מוֹעֵד לִפְנֵי הָעֵדוּת
כ אֲשֶׁר אִוָּעֵד לָכֶם שָׁמָּה׃ וְהָיָה הָאִישׁ אֲשֶׁר אֶבְחַר־בּוֹ
מַטֵּהוּ יִפְרָח וַהֲשִׁכֹּתִי מֵעָלַי אֶת־תְּלֻנּוֹת בְּנֵי יִשְׂרָאֵל אֲשֶׁר
21 הֵם מַלִּינִם עֲלֵיכֶם׃ וַיְדַבֵּר מֹשֶׁה אֶל־בְּנֵי יִשְׂרָאֵל וַיִּתְּנוּ
אֵלָיו ׀ כָּל־נְשִׂיאֵיהֶם מַטֶּה לְנָשִׂיא אֶחָד מַטֶּה לְנָשִׂיא אֶחָד
לְבֵית אֲבֹתָם שְׁנֵים עָשָׂר מַטּוֹת וּמַטֵּה אַהֲרֹן בְּתוֹךְ מַטּוֹתָם׃
22 23 וַיַּנַּח מֹשֶׁה אֶת־הַמַּטֹּת לִפְנֵי יְהוָה בְּאֹהֶל הָעֵדֻת׃ וַיְהִי
מִמָּחֳרָת וַיָּבֹא מֹשֶׁה אֶל־אֹהֶל הָעֵדוּת וְהִנֵּה פָּרַח מַטֵּה־
24 אַהֲרֹן לְבֵית לֵוִי וַיֹּצֵא פֶרַח וַיָּצֵץ צִיץ וַיִּגְמֹל שְׁקֵדִים׃ וַיֹּצֵא
מֹשֶׁה אֶת־כָּל־הַמַּטֹּת מִלִּפְנֵי יְהוָה אֶל־כָּל־בְּנֵי יִשְׂרָאֵל
וַיִּרְאוּ וַיִּקְחוּ אִישׁ מַטֵּהוּ׃ פ
כה וַיֹּאמֶר יְהוָה אֶל־מֹשֶׁה הָשֵׁב אֶת־מַטֵּה אַהֲרֹן לִפְנֵי הָעֵדוּת
לְמִשְׁמֶרֶת לְאוֹת לִבְנֵי־מֶרִי וּתְכַל תְּלוּנֹּתָם מֵעָלַי וְלֹא
26 יָמֻתוּ׃ וַיַּעַשׂ מֹשֶׁה כַּאֲשֶׁר צִוָּה יְהוָה אֹתוֹ כֵּן עָשָׂה׃ פ
27 וַיֹּאמְרוּ בְּנֵי יִשְׂרָאֵל אֶל־מֹשֶׁה לֵאמֹר הֵן גָּוַעְנוּ אָבַדְנוּ כֻּלָּנוּ
28 אָבָדְנוּ׃ כֹּל הַקָּרֵב ׀ הַקָּרֵב אֶל־מִשְׁכַּן יְהוָה יָמוּת הַאִם
תַּמְנוּ לִגְוֹעַ׃ ס

יח יח

א וַיֹּאמֶר יְהוָה אֶל־אַהֲרֹן אַתָּה וּבָנֶיךָ וּבֵית־אָבִיךָ אִתָּךְ תִּשְׂאוּ
אֶת־עֲוֹן הַמִּקְדָּשׁ וְאַתָּה וּבָנֶיךָ אִתָּךְ תִּשְׂאוּ אֶת־עֲוֹן כְּהֻנַּתְכֶם׃
2 וְגַם אֶת־אַחֶיךָ מַטֵּה לֵוִי שֵׁבֶט אָבִיךָ הַקְרֵב אִתָּךְ וְיִלָּווּ

דורך קֹרַח׃ 15 אונד אַהֲרֹן האָט זיך צוריקגעקעהרט צו משה צו דער טיר פון דעם געצעלט פון דער פערזאַמלונג, אונד דיא פּלאָג איז איינגעהאַלטען געוואָרען׃

16 אונד גאָט האָט גערעדט צו משה אַזוי צו זאָגען׃ 17 רעד צו דיא קינדער ישׂראל, אונד נעם פון זייא אַ שטעקען, פון איטליכען הויזפאָטער, פון אַלע זייערע נשׂיאים צו זייערע הויזפּעטער, צוועלף שטעקען, איטליכען מאַנ'ס נאָמען זאָלסט דוא שרייבען אויף זיין שטעקען׃ 18 אונד דעם נאָמען פון אַהֲרֹן זאָלסט דוא שרייבען אויף דעם שטעקען פון לוי, וואָרין עס איז איין שטעקען צו דעם עלצטען פון זייער הויזפאָטער׃ 19 אונד איהר זאָלט זייא לייגען אין דעם געצעלט פון דער פערזאַמלונג פאַר דעם צייגנים וואו איך בעוויז מיך דאָרט צו אייך׃ 20 אונד עס וועט זיין, דער מאַן וואָס איך וועל אין איהם אויסדערוויילען, זיין שטעקען וועט בליהען, אונד איך וועל שטיל מאַכען פון דאָס מורמעלן פון דיא קינדער ישׂראל וואָס זייא מורמעלן קעגען אייך׃ 21 אונד משה האָט גערעדט צו דיא קינדער ישׂראל אונד אַלע זייערע נשׂיאים האָבען צו איהם געגעבען איין שטעקען פאַר איטליכען נשׂיא, נאָך זייערע הויזפעטער, צוועלף שטעקען, אונד דער שטעקען פון אַהֲרֹן איז געוועזען צווישען זייערע שטעקען׃ 22 אונד משה האָט געלייגט דיא שטעקען פאַר גאָט אין דעם געצעלט פון דעם צייגנים׃ 23 אונד עס איז געוועזען אויף מאָרגען, ווען משה איז געקומען אין דעם געצעלט פון דעם צייגנים, זעה, דער שטעקען פון אַהֲרֹן צו דעם הויזפאָטער פון לוי האָט געבליהט, אונד ער האָט אַרויסגעבראַכט אַ בלום אונד האָט געשפּראָצט אַ שפּראָצונג, אונד האָט געמאַכט צייטיגע מאַנדעל׃ 24 אונד משה האָט אַרויסגעבראַכט אַלע דיא דאָזיגע שטעקען פון פאַר גאָט צו אַלע קינדער פון ישׂראל, אונד זייא האָבען זיך געפאַרכטען אונד זייא האָבען גענומען איטליכער זיין שטעקען׃

25 אונד גאָט האָט געזאָגט צו משה לייג צוריק דעם שטעקען פון אַהֲרֹן פאַר דעם צייגנים פאַר אַ היטונג, צו אַ צייכען פאַר דיא ווידערשפּעניגע קינדער, אונד זייער מורמעלן קעגען מיר זאָל אויפהערען אַז זייא זאָלען ניט שטאַרבען׃ 26 אונד משה האָט געטהון, אַזוי וויא גאָט האָט איהם געבאָטען אַזוי האָט ער געטהון׃

27 אונד דיא קינדער ישׂראל האָבען געזאָגט צו משה אַזוי צו זאָגען, זעה מיר פערגיין! מיר זענען פערלוירען, אַלע זענען פערלוירען׃ 28 איטליכער וואָס גענעהנט זיך צום משכן פון גאָט וועט שטאַרבען, זאָלען מיר דען אים גאַנצען פערגיין?

## קאַפּיטעל יח

1 אונד גאָט האָט גערעדט צו אַהֲרֹן, דוא אונד דיינע זיהן אונד דיין הויזגעזינד מיט דיר, איהר זאָלט טראָגען דיא זינד פון דעם היילגטהום, אונד דוא אונד דיינע זיהן מיט דיר איהר זאָלט טראָגען דיא זינד פון אייערע כְּהֻנָּה׃ 2 אויך דיינע ברידער פון דעם שבט לוי, דער שבט פון דיין פאָטער, בעגעהן מיט דיר, אונד זאָלען זיך אָן דיר בעהעפטען

עָלֶיךָ וִישָׁרְתוּךָ וְאַתָּה וּבָנֶיךָ אִתָּךְ לִפְנֵי אֹהֶל הָעֵדֻת׃
3 וְשָׁמְרוּ מִשְׁמַרְתְּךָ וּמִשְׁמֶרֶת כָּל־הָאֹהֶל אַךְ אֶל־כְּלֵי הַקֹּדֶשׁ
4 וְאֶל־הַמִּזְבֵּחַ לֹא יִקְרָבוּ וְלֹא־יָמֻתוּ גַם־הֵם גַּם־אַתֶּם׃ וְנִלְווּ
עָלֶיךָ וְשָׁמְרוּ אֶת־מִשְׁמֶרֶת אֹהֶל מוֹעֵד לְכֹל עֲבֹדַת הָאֹהֶל
5 וְזָר לֹא־יִקְרַב אֲלֵיכֶם׃ וּשְׁמַרְתֶּם אֵת מִשְׁמֶרֶת הַקֹּדֶשׁ
וְאֵת מִשְׁמֶרֶת הַמִּזְבֵּחַ וְלֹא־יִהְיֶה עוֹד קֶצֶף עַל־בְּנֵי יִשְׂרָאֵל׃
6 וַאֲנִי הִנֵּה לָקַחְתִּי אֶת־אֲחֵיכֶם הַלְוִיִּם מִתּוֹךְ בְּנֵי יִשְׂרָאֵל
לָכֶם מַתָּנָה נְתֻנִים לַיהוָה לַעֲבֹד אֶת־עֲבֹדַת אֹהֶל מוֹעֵד׃
7 וְאַתָּה וּבָנֶיךָ אִתְּךָ תִּשְׁמְרוּ אֶת־כְּהֻנַּתְכֶם לְכָל־דְּבַר הַמִּזְבֵּחַ
וּלְמִבֵּית לַפָּרֹכֶת וַעֲבַדְתֶּם עֲבֹדַת מַתָּנָה אֶתֵּן אֶת־כְּהֻנַּתְכֶם
וְהַזָּר הַקָּרֵב יוּמָת׃ פ
8 וַיְדַבֵּר יְהוָה אֶל־אַהֲרֹן וַאֲנִי הִנֵּה נָתַתִּי לְךָ אֶת־מִשְׁמֶרֶת
תְּרוּמֹתָי לְכָל־קָדְשֵׁי בְנֵי־יִשְׂרָאֵל לְךָ נְתַתִּים לְמָשְׁחָה
9 וּלְבָנֶיךָ לְחָק־עוֹלָם׃ זֶה יִהְיֶה לְךָ מִקֹּדֶשׁ הַקֳּדָשִׁים מִן־
הָאֵשׁ כָּל־קָרְבָּנָם לְכָל־מִנְחָתָם וּלְכָל־חַטָּאתָם וּלְכָל־
אֲשָׁמָם אֲשֶׁר יָשִׁיבוּ לִי קֹדֶשׁ קָדָשִׁים לְךָ הוּא וּלְבָנֶיךָ׃
10 בְּקֹדֶשׁ הַקֳּדָשִׁים תֹּאכְלֶנּוּ כָּל־זָכָר יֹאכַל אֹתוֹ קֹדֶשׁ יִהְיֶה־
11 לָּךְ׃ וְזֶה־לְּךָ תְּרוּמַת מַתָּנָם לְכָל־תְּנוּפֹת בְּנֵי יִשְׂרָאֵל לְךָ
נְתַתִּים וּלְבָנֶיךָ וְלִבְנֹתֶיךָ אִתְּךָ לְחָק־עוֹלָם כָּל־טָהוֹר
12 בְּבֵיתְךָ יֹאכַל אֹתוֹ׃ כֹּל חֵלֶב יִצְהָר וְכָל־חֵלֶב תִּירוֹשׁ
13 וְדָגָן רֵאשִׁיתָם אֲשֶׁר־יִתְּנוּ לַיהוָה לְךָ נְתַתִּים׃ בִּכּוּרֵי כָּל־
אֲשֶׁר בְּאַרְצָם אֲשֶׁר־יָבִיאוּ לַיהוָה לְךָ יִהְיֶה כָּל־טָהוֹר
14 טו בְּבֵיתְךָ יֹאכְלֶנּוּ׃ כָּל־חֵרֶם בְּיִשְׂרָאֵל לְךָ יִהְיֶה׃ כָּל־פֶּטֶר
רֶחֶם לְכָל־בָּשָׂר אֲשֶׁר־יַקְרִיבוּ לַיהוָה בָּאָדָם וּבַבְּהֵמָה
יִהְיֶה־לָּךְ אַךְ ׀ פָּדֹה תִפְדֶּה אֵת בְּכוֹר הָאָדָם וְאֵת בְּכוֹר־
16 הַבְּהֵמָה הַטְּמֵאָה תִּפְדֶּה׃ וּפְדוּיָו מִבֶּן־חֹדֶשׁ תִּפְדֶּה
בְּעֶרְכְּךָ כֶּסֶף חֲמֵשֶׁת שְׁקָלִים בְּשֶׁקֶל הַקֹּדֶשׁ עֶשְׂרִים

אונד זייא זאָלען דיך בעדינען, אָבער
דוא אונד דיינע זיהן מיט דיר זאָלען
דינען פאַר דעם געצעלט פון דעם צייג־
נים:
3 אונד זייא זאָלען היטען דיינע
היטונג אונד דיא היטונג פון דעם גאַנצען
געצעלט, נייערט צו דיא היילינע כּלים
אונד צו דעם מזבח זאָלען זייא ניט
גענעהענען, כּדי זייא זאָלען ניט שטאַרבען,
ענטוועדער זייא אָדער איהר:
4 אונד
זייא זאָלען זיך אָן דיר בעהעפטען אונד
זייא זאָלען היטען דיא היטונג פון דעם
געצעלט פון דער פערזאַמלונג צו אַלע
דינסטען פון דעם געצעלט, אונד קיין
פרעמדער זאָל ניט גענעהענען צו אייך:
5 אונד איהר זאָלט היטען דיא היילינע
היטונג אונד דיא היטונג פון דעם מזבח,
אַז עס זאָל ניט מעהר זיין קיין צאָרן
אויף דיא קינדער ישׂראל:
6 זעה, איך
האָב גענומען אייערע ברידער דיא לוים
פון צווישען דיא קינדער ישׂראל, זייא
זענען צו אייך געגעבען געוואָרען פאַר
אַ געשענק צו גאָט, צו דינען דעם דינסט
פון דעם געצעלט פון דער פערזאַמלונג:
7 אונד דוא אונד דיינע זיהן מיט דיר,
איהר זאָלט היטען דיא כּהנה, צו אַלעם
וואָס געהערט צו דעם מזבח, אונד פון אינוועניג פון דעם איבערהאַנג זאָלט איהר
דינען, איין פרייען דינסט געב איך אייערע כּהנה, אונד איין פרעמדער וואָס וועט זיך
גענעהענען זאָל שטאַרבען:

8 אונד גאָט האָט געזאָגט צו אַהרן, אונד זעה, איך האָב דיר געגעבען דיא היטונג פון
מיינע אָפּשיידונג צו אַלע היילינע פון דיא קינדער ישׂראל, איך האָב זייא צו דיר
געגעבען וועגען דיא זאַלבונג, אונד צו דיינע זיהן פאַר איין אייבינעם געזעץ:
9 דאָס דאָזיגע זאָל זיין צו דיר פון דעם גאַנץ היילינען פון דעם פייער, אַלע זיירע
קרבּנות, אַלע זיירע שפּייז־אָפּפער, אונד אַלע זיירע זינד־אָפּפער, אונד אַלע זיירע
שולד־אָפּפער, וואָס זייא וועלען צוריקברענגען צו מיר, זאָלען זיין גאַנץ היילינ צו
דיר אונד צו דיינע זיהן:
10 אין דעם גאַנץ היילינען אָרט זאָלט איהר עס עסען,
איטליכער זכר זאָל עס עסען, עס זאָל היילינ זיין צו דיר:
11 אונד דאָס דאָזיגע
זאָל זיין דיין, דיא אָפּשיידונג פון זיירע גאָבען צו אַלע אויפהייבונג פון דיא קינדער
ישׂראל, צו דיר האָב איך זייא געגעבען, צו דיינע זיהן אונד טעכטער מיט דיר, פאַר
איין אייבינעם געזעץ, איטליכער וואָס איז ריין אין דיין הויז זאָל עס עסען:
12 אַלעם בעסטע פון דעם איילבערט, אונד אַלעם בעסטע פון דעם וויינ־
שטאָק, אונד פון קאָרן, דאָס ערשטע וואָס זייא וועלען געבען צו גאָט, האָב
איך צו דיר געגעבען:
13 דיא ערשטע פרוכט פון אַלעם וואָס איז אין זייער
לאַנד, וואָס זייא וועלען ברענגען צו גאָט, זאָל זיין פאַר דיר, איטליכער וואָס
איז ריין אין דיין הויז זאָל עס עסען:
14 אַלעם וואָס איז חרם אין
ישׂראל זאָל צו דיר געהערען:
15 אַלע דיא וואָס אויפמאַכען דיא געבער־
מוטער אין אַלעם פלייש, וואָס זייא וועלען מקריב זיין צו גאָט, עס זייא
פון מענשען אָדער פון בהמות, זאָל זיין פאַר דיר, אָבער דוא זאָלסט געוויס
אויסלייזען דעם בכור פון דעם מענש, אונד דעם בכור פון דיא אומריינע
בהמה זאָלסט דוא אויסלייזען:
16 אונד זיינע אויסלייזונג פון איין
מאָנאַט אַלט, זאָלסט דוא עס אויסלייזען, נאָך דיינע שאַצונג נאָך,
פינף זילבערנע שקלים נאָך דעם היילינען שקל נאָך, וואָס איז צוואַנציג

17 גְּרָה הוּא׃ אַךְ בְּכוֹר־שׁוֹר אוֹ בְכוֹר כֶּשֶׂב אוֹ־בְכוֹר עֵז
לֹא תִפְדֶּה קֹדֶשׁ הֵם אֶת־דָּמָם תִּזְרֹק עַל־הַמִּזְבֵּחַ וְאֶת־
18 חֶלְבָּם תַּקְטִיר אִשֶּׁה לְרֵיחַ נִיחֹחַ לַיהוָה׃ וּבְשָׂרָם יִהְיֶה־
19 לָּךְ כַּחֲזֵה הַתְּנוּפָה וּכְשׁוֹק הַיָּמִין לְךָ יִהְיֶה׃ כֹּל תְּרוּמֹת
הַקֳּדָשִׁים אֲשֶׁר יָרִימוּ בְנֵי־יִשְׂרָאֵל לַיהוָה נָתַתִּי לְךָ וּלְבָנֶיךָ
וְלִבְנֹתֶיךָ אִתְּךָ לְחָק־עוֹלָם בְּרִית מֶלַח עוֹלָם הִוא לִפְנֵי
כ יְהוָה לְךָ וּלְזַרְעֲךָ אִתָּךְ׃ וַיֹּאמֶר יְהוָה אֶל־אַהֲרֹן בְּאַרְצָם
לֹא תִנְחָל וְחֵלֶק לֹא־יִהְיֶה לְךָ בְּתוֹכָם אֲנִי חֶלְקְךָ
21 וְנַחֲלָתְךָ בְּתוֹךְ בְּנֵי יִשְׂרָאֵל׃ ס וְלִבְנֵי לֵוִי הִנֵּה נָתַתִּי
כָּל־מַעֲשֵׂר בְּיִשְׂרָאֵל לְנַחֲלָה חֵלֶף עֲבֹדָתָם אֲשֶׁר־הֵם
22 עֹבְדִים אֶת־עֲבֹדַת אֹהֶל מוֹעֵד׃ וְלֹא־יִקְרְבוּ עוֹד בְּנֵי
23 יִשְׂרָאֵל אֶל־אֹהֶל מוֹעֵד לָשֵׂאת חֵטְא לָמוּת׃ וְעָבַד הַלֵּוִי
הוּא אֶת־עֲבֹדַת אֹהֶל מוֹעֵד וְהֵם יִשְׂאוּ עֲוֺנָם חֻקַּת עוֹלָם
24 לְדֹרֹתֵיכֶם וּבְתוֹךְ בְּנֵי יִשְׂרָאֵל לֹא יִנְחֲלוּ נַחֲלָה׃ כִּי אֶת־
מַעְשַׂר בְּנֵי־יִשְׂרָאֵל אֲשֶׁר יָרִימוּ לַיהוָה תְּרוּמָה נָתַתִּי
לַלְוִיִּם לְנַחֲלָה עַל־כֵּן אָמַרְתִּי לָהֶם בְּתוֹךְ בְּנֵי יִשְׂרָאֵל
לֹא יִנְחֲלוּ נַחֲלָה׃ פ
כה 26 וַיְדַבֵּר יְהוָה אֶל־מֹשֶׁה לֵּאמֹר׃ וְאֶל־הַלְוִיִּם תְּדַבֵּר וְאָמַרְתָּ
אֲלֵהֶם כִּי־תִקְחוּ מֵאֵת בְּנֵי־יִשְׂרָאֵל אֶת־הַמַּעֲשֵׂר אֲשֶׁר
נָתַתִּי לָכֶם מֵאִתָּם בְּנַחֲלַתְכֶם וַהֲרֵמֹתֶם מִמֶּנּוּ תְּרוּמַת
27 יְהוָה מַעֲשֵׂר מִן־הַמַּעֲשֵׂר׃ וְנֶחְשַׁב לָכֶם תְּרוּמַתְכֶם כַּדָּגָן
28 מִן־הַגֹּרֶן וְכַמְלֵאָה מִן־הַיָּקֶב׃ כֵּן תָּרִימוּ גַם־אַתֶּם תְּרוּמַת
יְהוָה מִכֹּל מַעְשְׂרֹתֵיכֶם אֲשֶׁר תִּקְחוּ מֵאֵת בְּנֵי יִשְׂרָאֵל
29 וּנְתַתֶּם מִמֶּנּוּ אֶת־תְּרוּמַת יְהוָה לְאַהֲרֹן הַכֹּהֵן׃ מִכֹּל
מַתְּנֹתֵיכֶם תָּרִימוּ אֵת כָּל־תְּרוּמַת יְהוָה מִכָּל־חֶלְבּוֹ אֶת־
ל מִקְדְּשׁוֹ מִמֶּנּוּ׃ וְאָמַרְתָּ אֲלֵהֶם בַּהֲרִימְכֶם אֶת־חֶלְבּוֹ
מִמֶּנּוּ וְנֶחְשַׁב לַלְוִיִּם כִּתְבוּאַת גֹּרֶן וְכִתְבוּאַת יָקֶב׃

גֵרָה: 17 אָבֶער דֶעם בְּכוֹר פוּן אֵיין אָקְס, אָדֶער דֶעם בְּכוֹר פוּן אַ שָׁאף, אָדֶער דֶעם בְּכוֹר פוּן אַ צִיג, זָאלְסְט דוּא נִיט אוֹיסְלֵייזֶען, זֵייא זֶענֶען הֵיילִיג, זֵייעֶר בְּלוּט זָאלְסְט דוּא שְׁפְּרֶענְקְלֶען אוֹיף דֶעם מִזְבֵּחַ, אוּנְד זֵייעֶר פֶעט זָאלְסְט דוּא דֶעמְפֶען אַ פֵייעֶר אָפְּפֶער פַאר אַ לִיבְּלִיכֶען גֶעשְׁמַאק צוּ גָאט: 18 אוּנְד זֵייעֶר פְלֵיישׁ זָאל זֵיין פַאר דִיר, גְלֵייךְ אַזוֹי וִויא דִיא בְּרוּסְט פוּן דֶער אוֹיפְהֵייבּוּנְג, אוּנְד וִויא דִיא רֶעכְטֶע שׁוּלְטֶער זָאל זֵיין פַאר דִיר: 19 אַלֶע אָפְּשֵׁיידוּנְג פוּן דִיא הֵיילִיגְקֵייט וָואס דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל וֶועלֶען אָפְּשֵׁיידֶען צוּ גָאט, הָאבּ אִיךְ גֶעגֶעבֶּען צוּ דִיר אוּנְד צוּ דֵיינֶע זִיהְן אוּנְד צוּ דֵיינֶע טֶעכְטֶער מִיט דִיר פַאר אֵיין אֵייבִּיגֶעם גֶעזֶעץ, עֶס אִיז אַ בּוּנְד פוּן זַאלְץ אוֹיף אֵייבִּיג פַאר גָאט, צוּ דִיר אוּנְד צוּ דֵיינֶע קִינְדֶער נָאךְ דִיר: 20 אוּנְד גָאט הָאט גֶעזָאגְט צוּ אַהֲרֹן אִין זֵייעֶר לַאנְד זָאלְסְט דוּא נִיט יַרְשֶׁענֶען אוּנְד צוּ דִיר זָאל נִיט זֵיין אַ חֵלֶק צְווִישֶׁען זֵייא, אִיךְ בִּין דֵיין חֵלֶק אוּנְד דֵיין נַחֲלָה צְווִישֶׁען דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל: 21 אוּנְד צוּ דִיא קִינְדֶער פוּן לֵוִי, זֶעה, הָאבּ אִיךְ גֶעגֶעבֶּען דָאס גַאנְצֶע מַעֲשֵׂר פוּן יִשְׂרָאֵל אַלְס אַ נַחֲלָה, אַ פֶערְבֵּייטוּנְג, זֵייעֶר דִינְסְט וָואס זֵייא דִינֶען דֶעם דִינְסְט פוּן דֶעם אֹהֶל מוֹעֵד: 22 אוּנְד דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל זָאלֶען נִיט מֶעהְר גֶענֶעהְנֶען צוּ דֶעם אֹהֶל מוֹעֵד צוּ טְרָאגֶען (אָדֶער לֵיידֶען) זִינְד צוּ שְׁטַארְבֶּען: 23 אוּנְד דֶער לֵוִי זָאל דִינֶען דֶעם דִינְסְט פוּן דֶעם אֹהֶל מוֹעֵד, אוּנְד זֵייא זָאלֶען טְרָאגֶען זֵיירֶע זִינְד, עֶס זָאל זֵיין אֵיין אֵייבִּיגֶעם גֶעזֶעץ צוּ אֵיירֶע גֶעשְׁלֶעכְטֶער, אוּנְד צְווִישֶׁען דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל זָאלֶען זֵייא נִיט עֶרְבֶּען אַ נַחֲלָה: 24 וָוארִין דָאס מַעֲשֵׂר פוּן דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל וָואס זֵייא וֶועלֶען אָפְּשֵׁיידֶען צוּ גָאט אַן אָפְּשֵׁיידוּנְג דָאס הָאבּ אִיךְ גֶעגֶעבֶּען צוּ דִיא לְוִיִּם פַאר אַ נַחֲלָה, דָארִיבֶּער הָאבּ אִיךְ צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, צְווִישֶׁען דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל זָאלְט אִיהְר נִיט עֶרְבֶּען אַ נַחֲלָה:

25 אוּנְד גָאט הָאט גֶערֶעט צוּ מֹשֶׁה אַזוֹי צוּ זָאגֶען: 26 אוּנְד דוּא זָאלְסְט רֶעדֶען צוּ דִיא לְוִיִּם, אוּנְד דוּא זָאלְסְט צוּ זֵייא זָאגֶען, וֶוען אִיהְר וֶועט נֶעמֶען מַעֲשֵׂר פוּן דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל וָואס אִיךְ הָאבּ צוּ אֵייךְ גֶעגֶעבֶּען פוּן זֵייא פַאר אֵיין עֶרְבְּטֵייל, אַזוֹי זָאלְט אִיהְר אָפְּשֵׁיידֶען דַאפוּן אַן אָפְּשֵׁיידוּנְג פַאר גָאט, מַעֲשֵׂר פוּן מַעֲשֵׂר: 27 אוּנְד אֵיירֶע אָפְּשֵׁיידוּנְג זָאל צוּ אֵייךְ גֶערֶעכֶענְט וֶוערֶען אַזוֹי וִויא דָאס קָארְן פוּן דִיא שֵׁייעֶר, אוּנְד וִויא דִיא דֶערְפִילוּנְג פוּן דֶער קֶעלְטֶער: 28 אַזוֹי זָאלְט אִיהְר אוֹיךְ אָפְּשֵׁיידֶען דִיא אָפְּשֵׁיידוּנְג צוּ גָאט פוּן אַלֶע אֵיירֶע מַעַשְׂרוֹת וָואס אִיהְר וֶועט נֶעמֶען פוּן דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל, אוּנְד אִיהְר זָאלְט גֶעבֶּען פוּן גָאטְס אָפְּשֵׁיידוּנְג צוּ אַהֲרֹן הַכֹּהֵן: 29 פוּן אַלֶע אֵיירֶע גָאבֶּען זָאלְט אִיהְר מַאכֶען אַן אָפְּשֵׁיידוּנְג פוּן גָאטְס וֶועגֶען, פוּן אַלֶעם בֶּעסְטֶען זֵיינֶע הֵיילִיגְקֵייט דַאפוּן: 30 אוּנְד דוּא זָאלְסְט צוּ זֵייא זָאגֶען, וֶוען אִיהְר וֶועט דָאס בֶּעסְטֶע דַאפוּן אָפְּשֵׁיידֶען, אַזוֹי זָאל עֶס גֶערֶעכֶענְט וֶוערֶען צוּ דִיא לְוִיִּם, אַזוֹי וִויא דִיא תְּבוּאָה פוּן דֶער שֵׁייעֶר, אוּנְד אַזוֹי וִויא דָאס אֵיינְקוּמֶען פוּן דֶער קֶעלְטֶער:

31 אונד איהר מענט עס עסען אויף
איטליכען ארט, איהר אונד אייער הויז־
געזינד, ווארין עס איז אייער לוין, א
פערגעלטונג פאר אייער דינסט אין דעם
אהל מועד: 32 אונד איהר זאלט ניט
דערפאר ליידען קיינע זינד ווען איהר
וועט אפשיידען דאס בעסטע, אונד דיא
הייליגקייטען פון דיא קינדער ישראל
זאלט איהר ניט פערשוואכען, אז איהר
זאלט ניט שטארבען:

## קאפיטעל יט

### חקת

1 אונד גאט האט גערעט צו משה אונד
צו אהרן אזוי צו זאגען: 2 דאס איז
דאס געזעץ פון דער תורה וואס גאט
געבאטען אזוי צו זאגען, רעד צו
דיא קינדער ישראל אז זייא זאלען
צו דיר נעמען א גאנץ רויטע קוה
וואס האט ניט קיין פעהלער, אונד
אויף וועלכער עס איז נאך ניט
געוועזען קיין יאך: 3 אונד איהר זאלט
זיא געבען צו אלעזר הכהן, אונד ער
זאל זיא ארויסברענגען אויסעוועניג פון
דער מחנה, אונד מען זאל זיא שעכטען
פאר איהם: 4 אונד אלעזר הכהן זאל
נעמען פון איהר בלוט מיט זיין פינגער אונד ער זאל שפרענגען פון איהר בלוט
קעגען דעם אהל מועד זיבען מאל: 5 אונד דיא קוה זאל פערברענט ווערען פאר
זיינע אויגען מיט איהר פעל, אונד מיט איהר פלייש אונד מיט איהר בלוט, מיט
איהר מיסט זאל מען זיא פערברענען: 6 אונד דער כהן זאל נעמען טענעט־
האלץ אונד אזוב, אונד א רויטען פאדעם אונד זאל זייא אריינווארפען צווישען דעם
בראנד פון דער קוה: 7 אונד דער כהן זאל וואשען זיינע קליידער, אונד באדען זיין
לייב אים וואסער, אונד דערנאך זאל ער אריינקומען צו דער מחנה; אונד דער כהן
זאל זיין אומריין ביז אבענד: 8 אונד דער וואס פערברענט זיא, זאל וואשען
זיינע קליידער אים וואסער, אונד באדען זיין לייב אים וואסער, אונד זאל זיין
אומריין ביז אבענד: 9 אונד א ריינער מאן זאל איינזאמעלן דיא אש פון
דער קוה, אונד זאל זיא לייגען אויסעוועניג פון דער מחנה אויף א ריינעם
ארט, אונד עס זאל זיין פאר דער געמיינדע פון דיא קינדער ישראל צו א
היטונג, צו שפרענגעדיג וואסער, אונד דאמיט צו ריינינגען: 10 אונד דער
וואס זאמעלט איין דיא אש פון דער קוה זאל וואשען זיינע קליידער
אונד ער זאל זיין אומריין ביז אבענד, אונד עס זאל זיין צו דיא קינדער
ישראל אונד צו דעם גר וואס וואוינט צווישען אייך איין אייביגעם געזעץ:
11 דער וואס רירט אן איטליכען טויטען לייב פון א מענש, זאל זיין אומריין
זיבען טעג: 12 ער זאל זיך ריינינגען אן דעם דריטען טאג, אונד אן דעם
זיבטען טאג זאל ער זיין ריין; אונד ווען ער האט זיך ניט געריינינגט אן דעם
דריטען טאג אונד אין דעם זיבטען טאג, אזוי זאל ער ניט ריין זיין: 13 איט־
ליכער וואס רירט אן א טויטען מענש וואס איז געשטארבען, אונד ער וועט
זיך ניט ריינינגען, דער האט פעראומריינינגט דאס משכן פון גאט, דער
זעלביגער מענש זאל פערשניטען ווערען פון ישראל; ווארין דאס שפרענגע־
וואסער איז ניט אויף איהם געשפרענגט געווארען, דער זאל זיין אומריין,

וַאֲכַלְתֶּם אֹתוֹ בְּכָל־מָקוֹם אַתֶּם וּבֵיתְכֶם כִּי־שָׂכָר הוּא 31
לָכֶם חֵלֶף עֲבֹדַתְכֶם בְּאֹהֶל מוֹעֵד: וְלֹא־תִשְׂאוּ עָלָיו 32
חֵטְא בַּהֲרִימְכֶם אֶת־חֶלְבּוֹ מִמֶּנּוּ וְאֶת־קָדְשֵׁי בְנֵי־יִשְׂרָאֵל
לֹא תְחַלְּלוּ וְלֹא תָמוּתוּ:

יט

פ פ פ יט

וַיְדַבֵּר יְהוָה אֶל־מֹשֶׁה וְאֶל־אַהֲרֹן לֵאמֹר: זֹאת חֻקַּת א 2
הַתּוֹרָה אֲשֶׁר־צִוָּה יְהוָה לֵאמֹר דַּבֵּר ׀ אֶל־בְּנֵי יִשְׂרָאֵל
וְיִקְחוּ אֵלֶיךָ פָרָה אֲדֻמָּה תְּמִימָה אֲשֶׁר אֵין־בָּהּ מוּם
אֲשֶׁר לֹא־עָלָה עָלֶיהָ עֹל: וּנְתַתֶּם אֹתָהּ אֶל־אֶלְעָזָר הַכֹּהֵן 3
וְהוֹצִיא אֹתָהּ אֶל־מִחוּץ לַמַּחֲנֶה וְשָׁחַט אֹתָהּ לְפָנָיו: וְלָקַח 4
אֶלְעָזָר הַכֹּהֵן מִדָּמָהּ בְּאֶצְבָּעוֹ וְהִזָּה אֶל־נֹכַח פְּנֵי אֹהֶל־
מוֹעֵד מִדָּמָהּ שֶׁבַע פְּעָמִים: וְשָׂרַף אֶת־הַפָּרָה לְעֵינָיו ה
אֶת־עֹרָהּ וְאֶת־בְּשָׂרָהּ וְאֶת־דָּמָהּ עַל־פִּרְשָׁהּ יִשְׂרֹף: וְלָקַח 6
הַכֹּהֵן עֵץ אֶרֶז וְאֵזוֹב וּשְׁנִי תוֹלָעַת וְהִשְׁלִיךְ אֶל־תּוֹךְ
שְׂרֵפַת הַפָּרָה: וְכִבֶּס בְּגָדָיו הַכֹּהֵן וְרָחַץ בְּשָׂרוֹ בַּמַּיִם 7
וְאַחַר יָבֹא אֶל־הַמַּחֲנֶה וְטָמֵא הַכֹּהֵן עַד־הָעָרֶב: וְהַשֹּׂרֵף 8
אֹתָהּ יְכַבֵּס בְּגָדָיו בַּמַּיִם וְרָחַץ בְּשָׂרוֹ בַּמָּיִם וְטָמֵא עַד־
הָעָרֶב: וְאָסַף ׀ אִישׁ טָהוֹר אֵת אֵפֶר הַפָּרָה וְהִנִּיחַ ט
מִחוּץ לַמַּחֲנֶה בְּמָקוֹם טָהוֹר וְהָיְתָה לַעֲדַת בְּנֵי־יִשְׂרָאֵל
לְמִשְׁמֶרֶת לְמֵי נִדָּה חַטָּאת הִוא: וְכִבֶּס הָאֹסֵף אֶת־אֵפֶר
הַפָּרָה אֶת־בְּגָדָיו וְטָמֵא עַד־הָעָרֶב וְהָיְתָה לִבְנֵי יִשְׂרָאֵל
וְלַגֵּר הַגָּר בְּתוֹכָם לְחֻקַּת עוֹלָם: הַנֹּגֵעַ בְּמֵת לְכָל־נֶפֶשׁ 11
אָדָם וְטָמֵא שִׁבְעַת יָמִים: הוּא יִתְחַטָּא־בוֹ בַּיּוֹם הַשְּׁלִישִׁי 12
וּבַיּוֹם הַשְּׁבִיעִי יִטְהָר וְאִם־לֹא יִתְחַטָּא בַּיּוֹם הַשְּׁלִישִׁי
וּבַיּוֹם הַשְּׁבִיעִי לֹא יִטְהָר: כָּל־הַנֹּגֵעַ בְּמֵת בְּנֶפֶשׁ הָאָדָם 13
אֲשֶׁר־יָמוּת וְלֹא יִתְחַטָּא אֶת־מִשְׁכַּן יְהוָה טִמֵּא וְנִכְרְתָה
הַנֶּפֶשׁ הַהִוא מִיִּשְׂרָאֵל כִּי מֵי נִדָּה לֹא־זֹרַק עָלָיו טָמֵא



זיינע

14 יִהְיֶה עוֹד טֻמְאָתוֹ בוֹ׃ זֹאת הַתּוֹרָה אָדָם כִּי־יָמוּת בְּאֹהֶל
כָּל־הַבָּא אֶל־הָאֹהֶל וְכָל־אֲשֶׁר בָּאֹהֶל יִטְמָא שִׁבְעַת
טו יָמִים׃ וְכֹל כְּלִי פָתוּחַ אֲשֶׁר אֵין־צָמִיד פָּתִיל עָלָיו טָמֵא
16 הוּא׃ וְכֹל אֲשֶׁר־יִגַּע עַל־פְּנֵי הַשָּׂדֶה בַּחֲלַל־חֶרֶב אוֹ בְמֵת
17 אוֹ־בְעֶצֶם אָדָם אוֹ בְקָבֶר יִטְמָא שִׁבְעַת יָמִים׃ וְלָקְחוּ
לַטָּמֵא מֵעֲפַר שְׂרֵפַת הַחַטָּאת וְנָתַן עָלָיו מַיִם חַיִּים אֶל־
18 כֶּלִי׃ וְלָקַח אֵזוֹב וְטָבַל בַּמַּיִם אִישׁ טָהוֹר וְהִזָּה עַל־הָאֹהֶל
וְעַל־כָּל־הַכֵּלִים וְעַל־הַנְּפָשׁוֹת אֲשֶׁר הָיוּ־שָׁם וְעַל־הַנֹּגֵעַ
19 בַּעֶצֶם אוֹ בֶחָלָל אוֹ בַמֵּת אוֹ בַקָּבֶר׃ וְהִזָּה הַטָּהֹר עַל־
הַטָּמֵא בַּיּוֹם הַשְּׁלִישִׁי וּבַיּוֹם הַשְּׁבִיעִי וְחִטְּאוֹ בַּיּוֹם הַשְּׁבִיעִי
כ וְכִבֶּס בְּגָדָיו וְרָחַץ בַּמַּיִם וְטָהֵר בָּעָרֶב׃ וְאִישׁ אֲשֶׁר־יִטְמָא
וְלֹא יִתְחַטָּא וְנִכְרְתָה הַנֶּפֶשׁ הַהִוא מִתּוֹךְ הַקָּהָל כִּי אֶת־
21 מִקְדַּשׁ יְהוָה טִמֵּא מֵי נִדָּה לֹא־זֹרַק עָלָיו טָמֵא הוּא׃ וְהָיְתָה
לָהֶם לְחֻקַּת עוֹלָם וּמַזֵּה מֵי־הַנִּדָּה יְכַבֵּס בְּגָדָיו וְהַנֹּגֵעַ בְּמֵי
22 הַנִּדָּה יִטְמָא עַד־הָעָרֶב׃ וְכֹל אֲשֶׁר־יִגַּע־בּוֹ הַטָּמֵא יִטְמָא
וְהַנֶּפֶשׁ הַנֹּגַעַת תִּטְמָא עַד־הָעָרֶב׃ פ

## כ

כ
א וַיָּבֹאוּ בְנֵי־יִשְׂרָאֵל כָּל־הָעֵדָה מִדְבַּר־צִן בַּחֹדֶשׁ הָרִאשׁוֹן
2 וַיֵּשֶׁב הָעָם בְּקָדֵשׁ וַתָּמָת שָׁם מִרְיָם וַתִּקָּבֵר שָׁם׃ וְלֹא־
3 הָיָה מַיִם לָעֵדָה וַיִּקָּהֲלוּ עַל־מֹשֶׁה וְעַל־אַהֲרֹן׃ וַיָּרֶב
הָעָם עִם־מֹשֶׁה וַיֹּאמְרוּ לֵאמֹר וְלוּ גָוַעְנוּ בִּגְוַע אַחֵינוּ לִפְנֵי
4 יְהוָה׃ וְלָמָה הֲבֵאתֶם אֶת־קְהַל יְהוָה אֶל־הַמִּדְבָּר הַזֶּה
ה לָמוּת שָׁם אֲנַחְנוּ וּבְעִירֵנוּ׃ וְלָמָה הֶעֱלִיתֻנוּ מִמִּצְרַיִם
לְהָבִיא אֹתָנוּ אֶל־הַמָּקוֹם הָרָע הַזֶּה לֹא מְקוֹם זֶרַע וּתְאֵנָה
6 וְגֶפֶן וְרִמּוֹן וּמַיִם אַיִן לִשְׁתּוֹת׃ וַיָּבֹא מֹשֶׁה וְאַהֲרֹן מִפְּנֵי
הַקָּהָל אֶל־פֶּתַח אֹהֶל מוֹעֵד וַיִּפְּלוּ עַל־פְּנֵיהֶם וַיֵּרָא כְבוֹד־
יְהוָה אֲלֵיהֶם׃ פ

זַיינֶע אוּמְרֵיינִיגְקֵייט אִיז נָאךְ אוֹיף אִיהְם׃ 14 דָאס אִיז דִיא לֶערְנוּנְג, וֶוען אַ מֶענְשׁ וָועט שְׁטַארְבֶּען אִין אַ גֶעצֶעלְט, אִיטְלִיכֶער וָואס וֶועט אַרַיינְקוּמֶען אִין דֶעם גֶעצֶעלְט, אוּנְד אַלֶעם וָואס אִיז אִין דֶעם גֶעצֶעלְט זָאל זַיין אוּמְרֵיין זִיבֶּען טֶעג׃ 15 אוּנְד אַלֶע אָפֶענֶע כֵּלִים וָואס זֶענֶען נִיט צוּגֶעדֶעקְט מִיט אַ דֶעקֶעל, זָאלֶען זַיין אוּמְרֵיין׃ 16 אוּנְד אִיטְלִיכֶער וָואס וֶועט אָנְרִירֶען אָן אֵיינֶעם וָואס אִיז אוֹיף דֶעם פֶעלְד דֶערְשְׁלָאגֶען מִיט אַ שְׁוֶוערְט, אָדֶער אָן אַ טוֹיטֶען, אָדֶער אָן אַ בֵּיין פוּן אַ מֶענְשׁ, אָדֶער אָן אַ קֶבֶר, דֶער זָאל אוּמְרֵיין זַיין זִיבֶּען טֶעג׃ 17 אוּנְד מֶען זָאל נֶעמֶען פַאר דֶעם אוּמְרֵיינֶעם, פוּן דֶעם אַשׁ פוּן פֶערְבְּרֶענוּנְג צוּם רֵיינִיגוּנְג, אוּנְד מֶען זָאל דְרוֹיף גֶעבֶּען לֶעבֶּעדִיג וַואסֶער אִין אַ כֶּלִי׃ 18 אוּנְד מֶען זָאל נֶעמֶען אֵזוֹב, אוּנְד אַ רֵיינֶער מֶענְשׁ זָאל עֶס אֵיינְטוּנְקֶען אִים וַואסֶער אוּנְד זָאל עֶס שְׁפְּרֶענְגֶען אוֹיף דֶעם גֶעצֶעלְט אוּנְד אוֹיף אַלֶע כֵּלִים, אוּנְד אוֹיף אַלֶע מֶענְשֶׁען וָואס זֶענֶען דָארְט, אוּנְד אוֹיף דֶעם וָואס הָאט אָנְגֶערִירְט אָן דֶעם בֵּיין, אָדֶער אָן דֶעם דֶערְשְׁלָאגֶענֶעם, אָדֶער אָן דֶעם טוֹיטֶען אָדֶער אָן דֶעם קֶבֶר׃ 19 אוּנְד דֶער רֵיינֶער זָאל שְׁפְּרֶענְגֶען אוֹיף דֶעם אוּמְרֵיינֶעם אָן דֶעם דְרִיטֶען טָאג אוּנְד אָן דֶעם זִיבְּטֶען טָאג, אוּנְד עֶר זָאל גֶערֵיינִיגְט זַיין אָן דֶעם זִיבְּטֶען טָאג; אוּנְד עֶר זָאל וַואשֶׁען זַיינֶע קְלֵיידֶער, אוּנְד זִיךְ בָּאדֶען אִים וַואסֶער, אוּנְד אַם אָבֶּענְד זָאל עֶר רֵיין זַיין׃ 20 אוּנְד וֶוען אַ מֶענְשׁ אִיז אוּמְרֵיין אוּנְד וֶועט זִיךְ נִיט רֵיינִיגֶען, דֶערזֶעלְבִּיגֶער מֶענְשׁ זָאל אָפְּגֶעשְׁנִיטֶען וֶוערֶען פוּן צְוִוישֶׁען דֶער פֶערְזַאמְלוּנְג, וָוארִין עֶר הָאט פֶערְאוּמְרֵיינִיגְט דָאס מִקְדָשׁ פוּן גָאט, דָאס שְׁפְּרֶענְג־וַואסֶער אִיז נִיט אוֹיף אִיהְם גֶעשְׁפְּרֶענְגְט גֶעוָארֶען, עֶר אִיז אוּמְרֵיין׃ 21 אוּנְד עֶס זָאל צוּ זֵייא זַיין פַאר אֵיין אֵייבִּיגֶעס גֶעזֶעץ, אוּנְד דֶער וָואס שְׁפְּרֶענְגְט מִיט דֶעם שְׁפְּרֶענְג־וַואסֶער זָאל וַואשֶׁען זַיינֶע קְלֵיידֶער, אוּנְד דֶער וָואס רִירְט אָן אָן דֶעם שְׁפְּרֶענְג־וַואסֶער זָאל זַיין אוּמְרֵיין בִּיז אָבֶּענְד׃ 22 אוּנְד אַלֶעס וָואס דֶער אוּמְרֵיינֶער וֶועט אָנְרִירֶען זָאל זַיין אוּמְרֵיין; אוּנְד וֶוען אֵיינֶער וֶועט אִיהְם אָנְרִירֶען זָאל עֶר זַיין אוּמְרֵיין בִּיז אָבֶּענְד׃

## קאפיטעל כ

1 אוּנְד דִיא גַאנְצֶע גֶעמֵיינְדֶע פוּן דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל זֶענֶען גֶעקוּמֶען צוּ דֶער מִדְבָּר צִן אִין דֶעם עֶרְשְׁטֶען חֹדֶשׁ, אוּנְד דָאס פָאלְק הָאט זִיךְ בֶּעזֶעצְט אִין קָדֵשׁ, אוּנְד מִרְיָם אִיז דָארְט גֶעשְׁטָארְבֶּען אוּנְד זִיא אִיז דָארְט בַּאגְרָאבֶּען גֶעוָוארֶען׃ 2 אוּנְד עֶס אִיז נִיט גֶעוֶועזֶען קֵיין וַואסֶער פַאר דֶער גֶעמֵיינְדֶע; אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זִיךְ פֶערְזַאמֶעלְט קֶעגֶען מֹשֶׁה אוּנְד קֶעגֶען אַהֲרֹן׃ 3 אוּנְד דָאס פָאלְק הָאט זִיךְ גֶעקְרִיגְט מִיט מֹשֶׁה, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט אַזוֹי צוּ זָאגֶען, הַלְוַאי וָואלְטֶען מִיר פֶערְגַאנְגֶען אַזוֹי וִויא אוּנְזֶערֶע בְּרִידֶער זֶענֶען פֶערְגַאנְגֶען פַאר גָאט! 4 אוּנְד פַארְוָואס הָאט אִיהְר גֶעבְּרֶענְגְט דִיא גַאנְצֶע גֶעמֵיינְדֶע פוּן גָאט אִין דֶער דָאזִיגֶער מִדְבָּר, אַז מִיר זָאלֶען דָארְט שְׁטַארְבֶּען אוּנְד אוּנְזֶער פִיךְ? 5 אוּנְד פַארְוָואס הָאט אִיהְר אוּנְס אַרוֹיפְגֶעבְּרַאכְט פוּן מִצְרַיִם אוּם אוּנְס אַרַיינְצוּבְּרֶענְגֶען צוּ דֶעם דָאזִיגֶען שְׁלֶעכְטֶען אָרְט? דָאס אִיז נִיט אֵיין אָרְט פוּן זָאמֶען, אוּנְד פֵייגֶען, אוּנְד וֵויינְטְרוֹיבֶּען אוּנְד מִילְגְרוֹימֶען, אוּנְד עֶס אִיז אוֹיךְ נִיט דָא קֵיין וַואסֶער צוּ טְרִינְקֶען׃ 6 אוּנְד מֹשֶׁה אוּנְד אַהֲרֹן זֶענֶען גֶעקוּמֶען פוּן דֶער פֶערְזַאמְלוּנְג צוּ דֶער טִיר פוּן דֶעם אֹהֶל מוֹעֵד, אוּנְד זֵייא זֶענֶען גֶעפַאלֶען אוֹיף זֵייעֶר פָּנִים; אוּנְד דִיא הֶערְלִיכְקֵייט פוּן גָאט הָאט זִיךְ צוּ זֵייא בַּאוִוזֶען׃

וַיְדַבֵּר יְהוָה אֶל־מֹשֶׁה לֵּאמֹר: קַח אֶת־הַמַּטֶּה וְהַקְהֵל 7 8
אֶת־הָעֵדָה אַתָּה וְאַהֲרֹן אָחִיךָ וְדִבַּרְתֶּם אֶל־הַסֶּלַע
לְעֵינֵיהֶם וְנָתַן מֵימָיו וְהוֹצֵאתָ לָהֶם מַיִם מִן־הַסֶּלַע וְהִשְׁקִיתָ
אֶת־הָעֵדָה וְאֶת־בְּעִירָם: וַיִּקַּח מֹשֶׁה אֶת־הַמַּטֶּה מִלִּפְנֵי 9
יְהוָה כַּאֲשֶׁר צִוָּהוּ: וַיַּקְהִלוּ מֹשֶׁה וְאַהֲרֹן אֶת־הַקָּהָל 10
אֶל־פְּנֵי הַסָּלַע וַיֹּאמֶר לָהֶם שִׁמְעוּ־נָא הַמֹּרִים הֲמִן־הַסֶּלַע
הַזֶּה נוֹצִיא לָכֶם מָיִם: וַיָּרֶם מֹשֶׁה אֶת־יָדוֹ וַיַּךְ אֶת־הַסֶּלַע 11
בְּמַטֵּהוּ פַּעֲמָיִם וַיֵּצְאוּ מַיִם רַבִּים וַתֵּשְׁתְּ הָעֵדָה וּבְעִירָם: ס
וַיֹּאמֶר יְהוָה אֶל־מֹשֶׁה וְאֶל־אַהֲרֹן יַעַן לֹא־הֶאֱמַנְתֶּם בִּי 12
לְהַקְדִּישֵׁנִי לְעֵינֵי בְּנֵי יִשְׂרָאֵל לָכֵן לֹא תָבִיאוּ אֶת־הַקָּהָל
הַזֶּה אֶל־הָאָרֶץ אֲשֶׁר־נָתַתִּי לָהֶם: הֵמָּה מֵי מְרִיבָה אֲשֶׁר־ 13
רָבוּ בְנֵי־יִשְׂרָאֵל אֶת־יְהוָה וַיִּקָּדֵשׁ בָּם: ס וַיִּשְׁלַח 14
מֹשֶׁה מַלְאָכִים מִקָּדֵשׁ אֶל־מֶלֶךְ אֱדוֹם כֹּה אָמַר אָחִיךָ
יִשְׂרָאֵל אַתָּה יָדַעְתָּ אֵת כָּל־הַתְּלָאָה אֲשֶׁר מְצָאָתְנוּ:
וַיֵּרְדוּ אֲבֹתֵינוּ מִצְרַיְמָה וַנֵּשֶׁב בְּמִצְרַיִם יָמִים רַבִּים טו
וַיָּרֵעוּ לָנוּ מִצְרַיִם וְלַאֲבֹתֵינוּ: וַנִּצְעַק אֶל־יְהוָה וַיִּשְׁמַע קֹלֵנוּ 16
וַיִּשְׁלַח מַלְאָךְ וַיֹּצִאֵנוּ מִמִּצְרָיִם וְהִנֵּה אֲנַחְנוּ בְקָדֵשׁ עִיר קְצֵה
גְבוּלֶךָ: נַעְבְּרָה־נָּא בְאַרְצֶךָ לֹא נַעֲבֹר בְּשָׂדֶה וּבְכֶרֶם וְלֹא 17
נִשְׁתֶּה מֵי בְאֵר דֶּרֶךְ הַמֶּלֶךְ נֵלֵךְ לֹא נִטֶּה יָמִין וּשְׂמֹאול
עַד אֲשֶׁר־נַעֲבֹר גְּבֻלֶךָ: וַיֹּאמֶר אֵלָיו אֱדוֹם לֹא תַעֲבֹר 18
כִּי פֶּן־בַּחֶרֶב אֵצֵא לִקְרָאתֶךָ: וַיֹּאמְרוּ אֵלָיו בְּנֵי־יִשְׂרָאֵל 19
בַּמְסִלָּה נַעֲלֶה וְאִם־מֵימֶיךָ נִשְׁתֶּה אֲנִי וּמִקְנַי וְנָתַתִּי מִכְרָם
רַק אֵין־דָּבָר בְּרַגְלַי אֶעֱבֹרָה: וַיֹּאמֶר לֹא תַעֲבֹר וַיֵּצֵא כ
אֱדוֹם לִקְרָאתוֹ בְּעַם כָּבֵד וּבְיָד חֲזָקָה: וַיְמָאֵן ׀ אֱדוֹם נְתֹן 21
אֶת־יִשְׂרָאֵל עֲבֹר בִּגְבֻלוֹ וַיֵּט יִשְׂרָאֵל מֵעָלָיו: פ
וַיִּסְעוּ מִקָּדֵשׁ וַיָּבֹאוּ בְנֵי־יִשְׂרָאֵל כָּל־הָעֵדָה הֹר הָהָר: 22
וַיֹּאמֶר יְהוָה אֶל־מֹשֶׁה וְאֶל־אַהֲרֹן בְּהֹר הָהָר עַל־גְּבוּל 23

7 אוּנד גָאט הָאט גֶערֶעט צוּ מֹשֶׁה אַזוֹי צוּ זָאגֶען: 8 נֶעם דֶעם שְׁטֶעקֶען אוּנְד זַאמֶעל אַיין דִיא גֶעמֵיינְדֶע, דוּא אוּנְד אַהֲרֹן דַיין בְּרוּדֶער, אוּנְד דוּא זָאלְסְט רֶעדֶען צוּ דֶעם פֶעלְז פַאר זֵייעֶרֶע אוֹיגֶען, אוּנְד עֶר וֶועט גֶעבֶּען וַואסֶער, אוּנְד אַזוֹי זָאלְסְט דוּא צוּ זֵייא אַרוֹיסבְּרֶענְגֶען וואסֶער פוּן דֶעם פֶעלְז, אוּנְד דוּא זָאלְסט אַנטְרִינקֶען דִיא גֶעמֵיינְדֶע אוּנְד זַייעֶר פִיךְ: 9 אוּנְד מֹשֶׁה הָאט גֶענוּמֶען דֶעם שְׁטֶעקֶען פוּן פַאר גָאט, אַזוֹי וִויא עֶר הָאט אִיהם גֶעבָּאטֶען: 10 אוּנְד מֹשֶׁה אוּנְד אַהֲרֹן הָאבֶּען אַיינְגֶעזַאמֶעלְט דִיא גֶעמֵיינְדֶע פַאר דֶעם פֶעלְז, אוּנְד עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, הֶערְט נוּן צוּ, אִיהְר וִוידֶערשְׁפֶּענִיגֶער, זָאלֶען מִיר פוּן דֶעם דָאזִיגֶען פֶעלְזֶען צוּ אֵייךְ אַרוֹיסבְּרֶענְגֶען וַואסֶער? 11 אוּנְד מֹשֶׁה הָאט אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען זַיינֶע הַאנְד אוּנְד הָאט גֶעשְׁלָאגֶען דֶעם פֶעלְז מִיט זַיין שְׁטֶעקֶען צְווייא מָאל, אוּנְד פִיל וַואסֶער אִיז אַרוֹיסגֶעגַאנְגֶען, אוּנְד דִיא גֶעמֵיינְדֶע אוּנְד זַייעֶרֶע בְּהֵמוֹת הָאבֶּען גֶעטְרוּנְקֶען: 12 אוּנְד גָאט הָאט גֶעזָאגְט צוּ מֹשֶׁה אוּנְד צוּ אַהֲרֹן ווייל אִיהְר הָאט מִיר נִיט גֶעגְלוֹיבְּט, מִיךְ צוּ הֵיילִיגֶען פַאר דִיא אוֹיגֶען פוּן דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל, דָארוּם זָאלט אִיהְר נִיט אַרֵיין בְּרֶענְגֶען דִיזֶע גֶעמֵיינְדֶע אִין דֶעם לַאנְד וָואס אִיךְ הָאבּ צוּ זֵייא גֶעגֶעבֶּען: 13 זֵייא זֶענֶען דִיא קְרִיגֶענְדִיגֶע וַואסֶער וֶועלְכֶעם דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל הָאבֶּען גֶעקְרִיגְט קֶעגֶען גָאט, אוּנְד עֶר אִיז גֶעהֵיילִיגְט גֶעוָוארֶען אִין זֵייא: 14 אוּנְד מֹשֶׁה הָאט גֶעשִׁיקְט שְׁלוּחִים פוּן קָדֵשׁ צוּ דֶעם פוּן מֶלֶךְ אֱדוֹם, אַזוֹי זָאגְט דֵיין בְּרוּדֶער יִשְׂרָאֵל, דוּא ווייסט דָאךְ דִיא גַאנְצֶע מִידִיגְקֵייט וָואס הָאט אוּנְס גֶעטְרָאפֶען: 15 אוּנְזֶערֶע אָבוֹת הָאבֶּען אַרוּפְגֶענִידֶערְט קֵיין מִצְרַיִם, אוּנְד הָאבֶּען גֶעווָאוֹינְט אִין מִצְרַיִם פִילֶע יָאהְר, אוּנְד דִיא מִצְרִים הָאבֶּען צוּ אוּנְס אוּנְד צוּ אוּנְזֶערֶע אָבוֹת שְׁלֶעכְטֶעס גֶעטְהוּן: 16 אוּנְד מִיר הָאבֶּען גֶעשְׁרִיגֶען צוּ גָאט, אוּנְד עֶר הָאט גֶעהֶערְט אוּנְזֶער קוֹל, אוּנְד עֶר הָאט גֶעשִׁיקְט אַ מַלְאָךְ, אוּנְד עֶר הָאט אוּנְס אַרוֹיסגֶעבְּרַאכְט אוֹיס מִצְרַיִם, אוּנְד זֶעה, מִיר זֶענֶען אִין קָדֵשׁ. דִיא שְׁטָאט וָואס אִיז אִים עֶק פוּן דֵיינֶע גְרֶענֶעץ: 17 אַזוֹי בֶּעטֶען מִיר דִיךְ, לָאז אוּנְס אִיבֶּערְפָאהְרֶען דוּרְךְ דֵיין לַאנְד, מִיר וֶועלֶען נִיט אִיבֶּערְפָאהְרֶען דוּרְךְ אַ פֶעלְד אָדֶער אַ ווֵיינְגָארְטֶען, אוּנְד מִיר וֶועלֶען נִיט טְרִינְקֶען קֵיין וַואסֶער פוּן דֶעם בְּרוּנֶען, אוֹיף דֶעם מֶלֶךְ׳ס וֶועג וֶועלֶען מִיר גֵיין, מִיר וֶועלֶען זִיךְ נִיט אָפְּנֵייגֶען צוּר רֶעכְטֶען אָדֶער צוּר לִינְקֶען, בִּיז מִיר זֶענֶען אַרִיבֶּערגֶעגַאנְגֶען דֵיינֶע גְרֶענֶעץ: 18 אוּנְד אֱדוֹם הָאט צוּ אִיהם גֶעזָאגְט, דוּא זָאלְסְט נִיט אִיבֶּערפָאהְרֶען דוּרְךְ מֵיין לַאנְד, אַז אִיךְ זָאל נִיט קֶעגֶען דִיר אַרוֹיסגֵיין מִיט דֶעם שְׁווֶערְד: 19 אוּנְד דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל הָאבֶּען צוּ אִיהם גֶעזָאגְט, מִיר וֶועלֶען אַרוֹיפְגֵיין בֵּייא דִיא שְׁטֶעגֶען, אוּנְד וֶוען מִיר וֶועלֶען טְרִינְקֶען פוּן דַיין וַואסֶער, אִיךְ אוּנְד מֵיין פִיךְ, אַזוֹי וֶועלֶען מִיר דֶערְפַאר בֶּעצָאלֶען, נֵייעֶרְט אִין קֵיין שׁוּם זַאךְ וֶועלֶען מִיר שָׁאדֶען טְהוּן, צוּ פוּס וֶועלֶען מִיר אַרִיבֶּערגֵיין: 20 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, דוּא זָאלְסְט נִיט אִיבֶּערְפָאהְרֶען; אוּנְד אֱדוֹם אִיז עֶנְטְקֶעגֶען אִיהם אַרוֹיסגֶעגַאנְגֶען מִיט אַ גְרוֹיס פָאלְק, אוּנְד מִיט אַ שְׁטַארְקֶע הַאנְד: 21 אוּנְד אֱדוֹם הָאט נִיט גֶעווָאלְט צוּגֶעבֶּען אַז יִשְׂרָאֵל זָאל אִיבֶּערְפָאהְרֶען דוּרְךְ זֵיינֶע גְרֶענֶעץ, אַזוֹי הָאט זִיךְ יִשְׂרָאֵל אָפְּגֶענֵייגְט פוּן אִיהם: 22 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אַוֶועקְגֶעצוֹיגֶען פוּן קָדֵשׁ, אוּנְד דִיא גַאנְצֶע פֶערְזַאמְלוּנְג פוּן דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל זֶענֶען גֶעקוּמֶען צוּ דֶעם בַּארְג הֹר: 23 אוּנְד גָאט הָאט גֶעזָאגְט צוּ מֹשֶׁה אוּנְד צוּ אַהֲרֹן בֵּייא דֶעם בַּארְג הֹר, אָן דֶער גְרֶענֶעץ

24 אֶרֶץ־אֱדוֹם לֵאמֹר׃ יֵאָסֵף אַהֲרֹן אֶל־עַמָּיו כִּי לֹא יָבֹא אֶל־
הָאָרֶץ אֲשֶׁר נָתַתִּי לִבְנֵי יִשְׂרָאֵל עַל אֲשֶׁר־מְרִיתֶם אֶת־פִּי
כה לְמֵי מְרִיבָה׃ קַח אֶת־אַהֲרֹן וְאֶת־אֶלְעָזָר בְּנוֹ וְהַעַל אֹתָם
26 הֹר הָהָר׃ וְהַפְשֵׁט אֶת־אַהֲרֹן אֶת־בְּגָדָיו וְהִלְבַּשְׁתָּם אֶת־
27 אֶלְעָזָר בְּנוֹ וְאַהֲרֹן יֵאָסֵף וּמֵת שָׁם׃ וַיַּעַשׂ מֹשֶׁה כַּאֲשֶׁר
28 צִוָּה יְהוָה וַיַּעֲלוּ אֶל־הֹר הָהָר לְעֵינֵי כָּל־הָעֵדָה׃ וַיַּפְשֵׁט
מֹשֶׁה אֶת־אַהֲרֹן אֶת־בְּגָדָיו וַיַּלְבֵּשׁ אֹתָם אֶת־אֶלְעָזָר בְּנוֹ
וַיָּמָת אַהֲרֹן שָׁם בְּרֹאשׁ הָהָר וַיֵּרֶד מֹשֶׁה וְאֶלְעָזָר מִן־הָהָר׃
29 וַיִּרְאוּ כָּל־הָעֵדָה כִּי גָוַע אַהֲרֹן וַיִּבְכּוּ אֶת־אַהֲרֹן שְׁלֹשִׁים
יוֹם כֹּל בֵּית יִשְׂרָאֵל׃ ס

## כא

כא
א וַיִּשְׁמַע הַכְּנַעֲנִי מֶלֶךְ־עֲרָד יֹשֵׁב הַנֶּגֶב כִּי בָּא יִשְׂרָאֵל
2 דֶּרֶךְ הָאֲתָרִים וַיִּלָּחֶם בְּיִשְׂרָאֵל וַיִּשְׁבְּ ׀ מִמֶּנּוּ שֶׁבִי׃ וַיִּדַּר
יִשְׂרָאֵל נֶדֶר לַיהוָה וַיֹּאמַר אִם־נָתֹן תִּתֵּן אֶת־הָעָם הַזֶּה
3 בְּיָדִי וְהַחֲרַמְתִּי אֶת־עָרֵיהֶם׃ וַיִּשְׁמַע יְהוָה בְּקוֹל יִשְׂרָאֵל
וַיִּתֵּן אֶת־הַכְּנַעֲנִי וַיַּחֲרֵם אֶתְהֶם וְאֶת־עָרֵיהֶם וַיִּקְרָא שֵׁם־
הַמָּקוֹם חָרְמָה׃ פ
4 וַיִּסְעוּ מֵהֹר הָהָר דֶּרֶךְ יַם־סוּף לִסְבֹב אֶת־אֶרֶץ אֱדוֹם
ה וַתִּקְצַר נֶפֶשׁ־הָעָם בַּדָּרֶךְ׃ וַיְדַבֵּר הָעָם בֵּאלֹהִים וּבְמֹשֶׁה
לָמָה הֶעֱלִיתֻנוּ מִמִּצְרַיִם לָמוּת בַּמִּדְבָּר כִּי אֵין לֶחֶם
6 וְאֵין מַיִם וְנַפְשֵׁנוּ קָצָה בַּלֶּחֶם הַקְּלֹקֵל׃ וַיְשַׁלַּח יְהוָה
בָּעָם אֵת הַנְּחָשִׁים הַשְּׂרָפִים וַיְנַשְּׁכוּ אֶת־הָעָם וַיָּמָת עַם־
7 רָב מִיִּשְׂרָאֵל׃ וַיָּבֹא הָעָם אֶל־מֹשֶׁה וַיֹּאמְרוּ חָטָאנוּ כִּי־
דִבַּרְנוּ בַיהוָה וָבָךְ הִתְפַּלֵּל אֶל־יְהוָה וְיָסֵר מֵעָלֵינוּ אֶת־
8 הַנָּחָשׁ וַיִּתְפַּלֵּל מֹשֶׁה בְּעַד הָעָם׃ וַיֹּאמֶר יְהוָה אֶל־
מֹשֶׁה עֲשֵׂה לְךָ שָׂרָף וְשִׂים אֹתוֹ עַל־נֵס וְהָיָה כָּל־הַנָּשׁוּךְ
9 וְרָאָה אֹתוֹ וָחָי׃ וַיַּעַשׂ מֹשֶׁה נְחַשׁ נְחֹשֶׁת וַיְשִׂמֵהוּ עַל־

פוּן דֶעם לַאנְד אֶדוֹם, אַזוֹי צוּ זָאגֶען: 24 אַהֲרֹן זָאל אֵיינְגֶעזַאמֶעלְט וֶוערֶען צוּ זֵיין פָאלְק; וָוארִין עֶר זָאל נִיט אַרֵיינְקוּמֶען אִין דֶעם לַאנְד וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעגֶעבֶּען צוּ דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל, וֵוייל אִיהְר הָאט וִוידֶערְגֶעשְׁפֶּענִיגְט קֶעגֶען מִיר בֵּייא דֶעם מֵי מְרִיבָה: 25 נֶעם אַהֲרֹן אוּנְד אֶלְעָזָר זֵיין זוּהְן, אוּנְד בְּרֶענְג זֵייא אַרוֹיף אוֹיף דֶעם בַּארְג הֹר: 26 אוּנְד דוּא זָאלְסְט אָפְּצִיהֶען דִיא קְלֵיידֶער פוּן אַהֲרֹן אוּנְד דוּא זָאלְסְט זֵייא אָנְטְהוּן אוֹיף אֶלְעָזָר זֵיין זוּהְן, אוּנְד אַהֲרֹן זָאל אֵיינְגֶעזַאמֶעלְט וֶוערֶען, אוּנְד דָארְט שְׁטַארְבֶּען: 27 אוּנְד מֹשֶׁה הָאט גֶעטְהוּן אַזוֹי וִויא גָאט הָאט גֶעבָּאטֶען; אוּנְד זֵייא זֶענֶען אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען אוֹיף דֶעם בַּארְג הֹר פַאר דִיא אוֹיגֶען פוּן דֶער גַאנְצֶען גֶעמֵיינְדֶע: 28 אוּנְד מֹשֶׁה הָאט אָפְּגֶעצוֹיגֶען דִיא קְלֵיידֶער פוּן אַהֲרֹן, אוּנְד עֶר הָאט זֵייא אָנְגֶעטְהוּן אוֹיף אֶלְעָזָר זֵיין זוּהְן, אוּנְד אַהֲרֹן אִיז דָארְט גֶעשְׁטָארְבֶּען, אַן דֶער שְׁפִּיץ פוּן דֶעם בַּארְג; אוּנְד מֹשֶׁה אוּנְד אֶלְעָזָר זֶענֶען אַרוּפְּגֶעקוּמֶען פוּן דֶעם בַּארְג: 29 אוּנְד וֶוען דִיא גַאנְצֶע גֶעמֵיינְדֶע הָאט גֶעזֶעהֶען אַז אַהֲרֹן אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען, אַזוֹי הָאט דָאס גַאנְצֶע הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן יִשְׂרָאֵל אַהֲרֹן בֶּעוֵויינְט דְרֵייסִיג טֶעג:

## קאפיטעל כא

1 אוּנְד דֶער כְּנַעֲנִי הָאט גֶעהֶערְט, דֶער מֶלֶךְ פוּן עֲרָד, וָואס וואוֹינְט קֶעגֶען דָרוֹם זֵייט, אַז יִשְׂרָאֵל זֶענֶען גֶעקוּמֶען דֶעם וֶועג פוּן דִיא אוֹיסְפָּארְשֶׁעס (מְרַגְּלִים) אַזוֹי הָאט עֶר מִלְחָמָה גֶעהַאלְטֶען מִיט יִשְׂרָאֵל, אוּנְד עֶר הָאט פוּן זֵייא גֶעפַאנְגֶען אֶ גֶעפֶענְגֶענִים: 2 אוּנְד יִשְׂרָאֵל הָאט אַ נֶדֶר גֶעטְהוּן צוּ גָאט, אוּנְד גֶעזָאגְט, וֶוען דוּא וֶועסְט גֶעבֶּען דָאס דָאזִיגֶע פָאלְק אִין מֵיינֶע הַאנְד, אַזוֹי וֶועל אִיךְ פֶערְוִויסְטֶען זֵיירֶע שְׁטֶעט: 3 אוּנְד גָאט הָאט גֶעהֶערְט דָאס קוֹל פוּן יִשְׂרָאֵל, אוּנְד עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעגֶעבֶּען דֶעם כְּנַעֲנִי; אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זֵייא פֶערְוִויסְטֶעט אוּנְד זֵיירֶע שְׁטֶעט, אוּנְד מֶען הָאט גֶערוּפֶען דֶעם אָרְט חָרְמָה:

4 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אַוֶועקְגֶעצוֹיגֶען פוּן דֶעם בַּארְג הֹר, אוֹיף דֶעם וֶועג פוּן יַם סוּף, אַרוּמְצוּרִינְגֶעלְן דָאס לַאנְד פוּן אֶדוֹם; אוּנְד דָאס גֶעמִיט פוּן דֶעם פָאלְק אִיז קוּרְץ גֶעוָוארֶען אוֹיף דֶעם וֶועג: 5 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶערֶעט קֶעגֶען גָאט אוּנְד קֶעגֶען מֹשֶׁה, פַארְוָואס הָאסְט דוּא אוּנְס אַרוֹיפְגֶעבְּרֶענְגְט פוּן מִצְרַיִם אַז מִיר זָאלֶען שְׁטַארְבֶּען אִין דֶער מִדְבָּר? וָוארִין עֶס אִיז נִיט דָא קֵיין בְּרוֹיט אוּנְד קֵיין וַואסֶער, אוּנְד אוּנְזֶערֶע לֵייבֶּער עֶקֶעלְט וֶועגֶען דֶעם לֵייכְטֶען בְּרוֹיט: 6 אוּנְד גָאט הָאט גֶעשִׁיקְט אוּנְטֶער דֶעם פָאלְק דִיא בְּרֶענֶענְדִיגֶע שְׁלַאנְגֶען, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעבִּיסֶען דָאס פָאלְק, אוּנְד פִיל פָאלְק פוּן יִשְׂרָאֵל אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען: 7 אוּנְד דָאס פָאלְק אִיז גֶעקוּמֶען צוּ מֹשֶׁה, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט, מִיר הָאבֶּען גֶעזִינְדִיגְט, וֵוייל מִיר הָאבֶּען גֶערֶעט קֶעגֶען גָאט אוּנְד קֶעגֶען דִיר; בֶּעט צוּ גָאט אַז עֶר זָאל אָפְּטְהוּן פוּן אוּנְס דִיא שְׁלַאנְג, אוּנְד מֹשֶׁה הָאט גֶעבֶּעטֶען פַאר דֶעם פָאלְק: 8 אוּנְד גָאט הָאט גֶעזָאגְט צוּ מֹשֶׁה, מַאךְ דִיר אַ בְּרֶענֶענְדִיגֶע שְׁלַאנְג, אוּנְד טְהוּא זִיא אוֹיף אַ שְׁטַאנְג, אוּנְד עֶס וֶועט זֵיין אַז אִיטְלִיכֶער וָואס אִיז גֶעבִּיסֶען גֶעוָוארֶען, וֶוען עֶר וֶועט זִיא אָנְזֶעהֶען אַזוֹי וֶועט עֶר לֶעבֶּען: 9 אוּנְד מֹשֶׁה הָאט גֶעמַאכְט אַ קוּפֶּערְנֶע שְׁלַאנְג אוּנְד עֶר הָאט זִיא גֶעטְהוּן אוֹיף

הַנֵּס וְהָיָה אִם־נָשַׁךְ הַנָּחָשׁ אֶת־אִישׁ וְהִבִּיט אֶל־נְחַשׁ
הַנְּחֹשֶׁת וָחָי׃ וַיִּסְעוּ בְּנֵי יִשְׂרָאֵל וַיַּחֲנוּ בְּאֹבֹת׃ וַיִּסְעוּ 11
מֵאֹבֹת וַיַּחֲנוּ בְּעִיֵּי הָעֲבָרִים בַּמִּדְבָּר אֲשֶׁר עַל־פְּנֵי מוֹאָב
מִמִּזְרַח הַשָּׁמֶשׁ׃ מִשָּׁם נָסָעוּ וַיַּחֲנוּ בְּנַחַל זָרֶד׃ מִשָּׁם 12 13
נָסָעוּ וַיַּחֲנוּ מֵעֵבֶר אַרְנוֹן אֲשֶׁר בַּמִּדְבָּר הַיֹּצֵא מִגְּבֻל
הָאֱמֹרִי כִּי אַרְנוֹן גְּבוּל מוֹאָב בֵּין מוֹאָב וּבֵין הָאֱמֹרִי׃
עַל־כֵּן יֵאָמַר בְּסֵפֶר מִלְחֲמֹת יְהוָה אֶת־וָהֵב בְּסוּפָה וְאֶת־ 14
הַנְּחָלִים אַרְנוֹן׃ וְאֶשֶׁד הַנְּחָלִים אֲשֶׁר נָטָה לְשֶׁבֶת עָר טו
וְנִשְׁעַן לִגְבוּל מוֹאָב׃ וּמִשָּׁם בְּאֵרָה הִוא הַבְּאֵר אֲשֶׁר 16
אָמַר יְהוָה לְמֹשֶׁה אֱסֹף אֶת־הָעָם וְאֶתְּנָה לָהֶם מָיִם׃ ס
אָז יָשִׁיר יִשְׂרָאֵל אֶת־הַשִּׁירָה הַזֹּאת עֲלִי בְאֵר עֱנוּ־לָהּ׃ 17
בְּאֵר חֲפָרוּהָ שָׂרִים כָּרוּהָ נְדִיבֵי הָעָם בִּמְחֹקֵק בְּמִשְׁעֲנֹתָם 18
וּמִמִּדְבָּר מַתָּנָה׃ וּמִמַּתָּנָה נַחֲלִיאֵל וּמִנַּחֲלִיאֵל בָּמוֹת׃ 19
וּמִבָּמוֹת הַגַּיְא אֲשֶׁר בִּשְׂדֵה מוֹאָב רֹאשׁ הַפִּסְגָּה וְנִשְׁקָפָה כ
עַל־פְּנֵי הַיְשִׁימֹן׃ פ
וַיִּשְׁלַח יִשְׂרָאֵל מַלְאָכִים אֶל־סִיחֹן מֶלֶךְ־הָאֱמֹרִי לֵאמֹר׃ 21
אֶעְבְּרָה בְאַרְצֶךָ לֹא נִטֶּה בְּשָׂדֶה וּבְכֶרֶם לֹא נִשְׁתֶּה מֵי 22
בְאֵר בְּדֶרֶךְ הַמֶּלֶךְ נֵלֵךְ עַד אֲשֶׁר־נַעֲבֹר גְּבֻלֶךָ׃ וְלֹא־נָתַן 23
סִיחֹן אֶת־יִשְׂרָאֵל עֲבֹר בִּגְבֻלוֹ וַיֶּאֱסֹף סִיחֹן אֶת־כָּל־עַמּוֹ
וַיֵּצֵא לִקְרַאת יִשְׂרָאֵל הַמִּדְבָּרָה וַיָּבֹא יָהְצָה וַיִּלָּחֶם
בְּיִשְׂרָאֵל׃ וַיַּכֵּהוּ יִשְׂרָאֵל לְפִי־חָרֶב וַיִּירַשׁ אֶת־אַרְצוֹ 24
מֵאַרְנֹן עַד־יַבֹּק עַד־בְּנֵי עַמּוֹן כִּי עַז גְּבוּל בְּנֵי עַמּוֹן׃ וַיִּקַּח כה
יִשְׂרָאֵל אֵת כָּל־הֶעָרִים הָאֵלֶּה וַיֵּשֶׁב יִשְׂרָאֵל בְּכָל־עָרֵי
הָאֱמֹרִי בְּחֶשְׁבּוֹן וּבְכָל־בְּנֹתֶיהָ׃ כִּי חֶשְׁבּוֹן עִיר סִיחֹן 26
מֶלֶךְ הָאֱמֹרִי הִוא וְהוּא נִלְחַם בְּמֶלֶךְ מוֹאָב הָרִאשׁוֹן
וַיִּקַּח אֶת־כָּל־אַרְצוֹ מִיָּדוֹ עַד־אַרְנֹן׃ עַל־כֵּן יֹאמְרוּ הַמֹּשְׁלִים 27
בֹּאוּ חֶשְׁבּוֹן תִּבָּנֶה וְתִכּוֹנֵן עִיר סִיחוֹן׃ כִּי־אֵשׁ יָצְאָה 28

אַ שְׁטַאנְג, אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען וֶוען אַ שְׁלַאנְג הָאט אֵיינֶעם גֶעבִּיסֶען אוּנְד עֶר הָאט גֶעקוּקְט אוֹיף דֶער קוּפֶּערְנֶע שְׁלַאנְג אַזוֹי אִיז עֶר גֶעבְּלִיבֶּען לֶעבֶּען׃ 10 אוּנְד דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל זֶענֶען אַוֶועקְגֶעצוֹיגֶען אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶערוּהְט אִין אֹבֹת׃ 11 אוּנְד זַייא זֶענֶען אַוֶועקְגֶעצוֹיגֶען פוּן אֹבֹת אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶערוּהְט אִין עִיֵּי הָעֲבָרִים, אִין דֶער מִדְבָּר, וָואס אִיז פַאר מוֹאָב, וְואוּ דִיא זוּן גֵייט אוֹיף׃ 12 פוּן דָארְט הָאבֶּען זַייא אַוֶועקְגֶעצוֹיגֶען, אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶערוּהְט אִין נַחַל זָרֶד׃ 13 פוּן דָארְט הָאבֶּען זַייא אַוֶועקְגֶעצוֹיגֶען, אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶערוּהְט אוֹיף דֶער אַנְדֶערֶע זַייט אַרְנוֹן, וָואס אִיז אִין דֶער מִדְבָּר וָואס גֵייט אַרוֹיס פוּן דֶער גְרֶענְעֶץ פוּן דֶעם אֱמֹרִי. וָוארִין אַרְנוֹן אִיז דִיא גְרֶענְעֶץ פוּן מוֹאָב צְוִוישֶׁען מוֹאָב אוּנְד צְוִוישֶׁען דֶעם אֱמֹרִי׃ 14 דָארִיבֶּער וֶוערְט עֶס גֶעזָאגְט אִין דֶעם סֵפֶר מִלְחָמוֹת פוּן גָאט, וָהֵב אִין סוּפָה, אוּנְד דִיא בֶּעךְ פוּן אַרְנוֹן׃ 15 אוּנְד דֶער אוֹיסְגַאנְג פוּן דִיא בֶּעכֶער וָואס נֵייגֶען זִיךְ צוּ דִיא וְואוֹינוּנְגֶען פוּן עָר, אוּנְד לֶעהְנֶען זִיךְ צוּ דֶער גְרֶענְעֶץ פוּן מוֹאָב׃ 16 אוּנְד פוּן דָארְט אִיז דֶער בְּרוּנֶען פוּן וֶועלְכֶען גָאט הָאט גֶעזָאגְט צוּ מֹשֶׁה זַאמֶעל אֵיין דָאס פָּאלְק אוּנְד אִיךְ וֶועל צוּ זַייא גֶעבֶּען וַואסֶער׃ 17 דֶעמְאָל הָאט יִשְׂרָאֵל גֶעזוּנְגֶען דֶעם דָאזִיגֶען גֶעזַאנְג, גֵייא אוֹיף דוּא בְּרוּנֶען, עֶנְטְפֶערְט צוּ אִיהְר׃ 18 דֶעם בְּרוּנֶען הָאבֶּען פִירְשְׁטֶען אוֹיסְגֶעגְרָאבֶּען, דִיא הַארֶען פוּן דֶעם פָּאלְק דוּרְךְ דֶעם מְחוֹקֵק הָאבֶּען גֶעגְרָאבֶּען מִיט זַיירֶע שְׁטֶעקֶען, אוּנְד פוּן דֶער מִדְבָּר קֵיין מַתָּנָה׃ 19 אוּנְד פוּן מַתָּנָה קֵיין נַחֲלִיאֵל אוּנְד פוּן נַחֲלִיאֵל קֵיין בָּמוֹת׃ 20 אוּנְד פוּן בָּמוֹת צוּ דֶעם טְהָאל וָואס אִיז אִין דֶעם פֶעלְד מוֹאָב, אוֹיף דֶער שְׁפִּיץ פוּן פִּסְגָּה, וְואוּ מֶען קוּקְט קֶעגֶען יְשִׁימֹן׃

21 אוּנְד יִשְׂרָאֵל הָאט גֶעשִׁיקְט שְׁלוּחִים צוּ סִיחוֹן קֶענִיג פוּן אֱמוֹרִי, אַזוֹי צוּ זָאגֶען׃ 22 לָאז מִיךְ אִיבֶּערְפָּארֶען דַיין לַאנְד, מִיר וֶועלֶען נִיט אָפְּקֶערֶען אִין דֶעם פֶעלְד אָדֶער וֵויינְגָארְטֶען; מִיר וֶועלֶען נִיט טְרִינְקֶען וַואסֶער פוּן בְּרוּנֶען. מִיר וֶועלֶען גֵיין אוֹיף דֶעם מֶלֶךְ'ס וֶועג בִּיז מִיר וֶועלֶען אִיבֶּערְפָּארֶען דַיינֶע גְרֶענְעֶץ׃ 23 אוּנְד סִיחוֹן הָאט נִיט גֶעלָאזְט יִשְׂרָאֵל אִיבֶּערְפָּארֶען דוּרְךְ זַיינֶע גְרֶענְעֶץ. אוּנְד סִיחוֹן הָאט אֵיינְגֶעזַאמֶעלְט זַיין גַאנְצֶעס פָּאלְק אוּנְד אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען עֶנְטְקֶעגֶען יִשְׂרָאֵל צוּ דֶער מִדְבָּר, אוּנְד עֶר אִיז גֶעקוּמֶען קֵיין יָהְצָה, אוּנְד עֶר הָאט גֶעשְׁטְרִיטֶען קֶעגֶען יִשְׂרָאֵל׃ 24 אוּנְד יִשְׂרָאֵל הָאט אִיהְם גֶעשְׁלָאגֶען מִיט דֶער שַׁארְף פוּן דֶעם שְׁוֶוערְד, אוּנְד עֶר הָאט אֵיינְגֶענוּמֶען זַיין לַאנְד, פוּן אַרְנוֹן בִּיז יַבּוֹק, בִּיז צוּ דִיא קִינְדֶער פוּן עַמּוֹן, וָוארִין דִיא גְרֶענְעֶץ פוּן דִיא קִינְדֶער עַמּוֹן אִיז שְׁטַארְק גֶעוֶועזֶען׃ 25 אוּנְד יִשְׂרָאֵל הָאט אַוֶועקְגֶענוּמֶען אַלֶע דִיא דָאזִיגֶע שְׁטֶעט, אוּנְד יִשְׂרָאֵל הָאט זִיךְ בֶּעזֶעצְט אִין אַלֶע שְׁטֶעט פוּן דֶעם אֱמוֹרִי, אִין חֶשְׁבּוֹן אוּנְד אִין אַלֶע אִיהְרֶע דֶערְפֶער׃ 26 וָוארִין חֶשְׁבּוֹן אִיז דִיא שְׁטָאט פוּן סִיחוֹן קֶענִיג פוּן אֱמוֹרִי, אוּנְד עֶר הָאט גֶעשְׁטְרִיטֶען מִיט דֶעם עֶרְשְׁטֶען קֶענִיג פוּן מוֹאָב, אוּנְד עֶר הָאט אַוֶועקְגֶענוּמֶען זַיין גַאנְצֶעס לַאנְד פוּן זַיינֶע הַאנְד, בִּיז אַרְנוֹן׃ 27 דָארוּם זָאגֶען דִיא וָואס מַאכֶען מְשָׁלִים, קוּמְט קֵיין חֶשְׁבּוֹן; דִיא שְׁטָאט פוּן סִיחוֹן זָאל גֶעבּוֹיט וֶוערֶען אוּנְד אָנְגֶעבְּרֵייט וֶוערֶען׃ 28 וָוארִין אַ פֵייעֶר אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען

מֵחֶשְׁבּוֹן לֶהָבָה מִקִּרְיַת סִיחֹן אָכְלָה עָר מוֹאָב בַּעֲלֵי
29 בָּמוֹת אַרְנֹן׃ אוֹי־לְךָ מוֹאָב אָבַדְתָּ עַם־כְּמוֹשׁ נָתַן בָּנָיו
ל פְּלֵיטִם וּבְנֹתָיו בַּשְּׁבִית לְמֶלֶךְ אֱמֹרִי סִיחוֹן׃ וַנִּירָם אָבַד
31 חֶשְׁבּוֹן עַד־דִּיבֹן וַנַּשִּׁים עַד־נֹפַח אֲשֶׁר עַד־מֵידְבָא׃ וַיֵּשֶׁב
32 יִשְׂרָאֵל בְּאֶרֶץ הָאֱמֹרִי׃ וַיִּשְׁלַח מֹשֶׁה לְרַגֵּל אֶת־יַעְזֵר
33 וַיִּלְכְּדוּ בְּנֹתֶיהָ וַיּוֹרֶשׁ אֶת־הָאֱמֹרִי אֲשֶׁר־שָׁם׃ וַיִּפְנוּ וַיַּעֲלוּ
דֶּרֶךְ הַבָּשָׁן וַיֵּצֵא עוֹג מֶלֶךְ־הַבָּשָׁן לִקְרָאתָם הוּא וְכָל־
34 עַמּוֹ לַמִּלְחָמָה אֶדְרֶעִי׃ וַיֹּאמֶר יְהוָה אֶל־מֹשֶׁה אַל־תִּירָא
אֹתוֹ כִּי בְיָדְךָ נָתַתִּי אֹתוֹ וְאֶת־כָּל־עַמּוֹ וְאֶת־אַרְצוֹ וְעָשִׂיתָ
לּוֹ כַּאֲשֶׁר עָשִׂיתָ לְסִיחֹן מֶלֶךְ הָאֱמֹרִי אֲשֶׁר יוֹשֵׁב בְּחֶשְׁבּוֹן׃
לה וַיַּכּוּ אֹתוֹ וְאֶת־בָּנָיו וְאֶת־כָּל־עַמּוֹ עַד־בִּלְתִּי הִשְׁאִיר־לוֹ
שָׂרִיד וַיִּירְשׁוּ אֶת־אַרְצוֹ׃

## כב

כב

א וַיִּסְעוּ בְּנֵי יִשְׂרָאֵל וַיַּחֲנוּ בְּעַרְבוֹת מוֹאָב מֵעֵבֶר לְיַרְדֵּן
יְרֵחוֹ׃

ס ס ס מ

2 וַיַּרְא בָּלָק בֶּן־צִפּוֹר אֵת כָּל־אֲשֶׁר־עָשָׂה יִשְׂרָאֵל לָאֱמֹרִי׃
3 וַיָּגָר מוֹאָב מִפְּנֵי הָעָם מְאֹד כִּי רַב־הוּא וַיָּקָץ מוֹאָב מִפְּנֵי
4 בְּנֵי יִשְׂרָאֵל׃ וַיֹּאמֶר מוֹאָב אֶל־זִקְנֵי מִדְיָן עַתָּה יְלַחֲכוּ
הַקָּהָל אֶת־כָּל־סְבִיבֹתֵינוּ כִּלְחֹךְ הַשּׁוֹר אֵת יֶרֶק הַשָּׂדֶה
ה וּבָלָק בֶּן־צִפּוֹר מֶלֶךְ לְמוֹאָב בָּעֵת הַהִוא׃ וַיִּשְׁלַח מַלְאָכִים
אֶל־בִּלְעָם בֶּן־בְּעוֹר פְּתוֹרָה אֲשֶׁר עַל־הַנָּהָר אֶרֶץ בְּנֵי־
עַמּוֹ לִקְרֹא־לוֹ לֵאמֹר הִנֵּה עַם יָצָא מִמִּצְרַיִם הִנֵּה כִסָּה
6 אֶת־עֵין הָאָרֶץ וְהוּא יֹשֵׁב מִמֻּלִי׃ וְעַתָּה לְכָה־נָּא אָרָה־
לִּי אֶת־הָעָם הַזֶּה כִּי־עָצוּם הוּא מִמֶּנִּי אוּלַי אוּכַל נַכֶּה־
בּוֹ וַאֲגָרְשֶׁנּוּ מִן־הָאָרֶץ כִּי יָדַעְתִּי אֵת אֲשֶׁר־תְּבָרֵךְ מְבֹרָךְ
7 וַאֲשֶׁר תָּאֹר יוּאָר׃ וַיֵּלְכוּ זִקְנֵי מוֹאָב וְזִקְנֵי מִדְיָן וּקְסָמִים בְּיָדָם

פון חשבון, אונד א פלאם פון דער הויפטשטאט פון סיחון האט פערברענט ער פון מואב, אונד דיא הארען פון דער היך פון ארנון: 29 וויא איז דיר מואב! דוא פאלק פון כמוש ביזט פערלוירען, ער האט איבערגעגעבען זיינע זיהן צום ענטלויפען, אונד זיינע טעכטער אין געפאנגענשאפט צו סיחון דעם קעניג פון אמורי: 30 אונד מיר האבען זייא געשאסען, חשבון איז פערטילגט ביז קיין דיבון, אונד מיר האבען זייא פערוויסט ביז נופח, וואס איז בייא מידבא: 31 אונד ישראל האבען זיך בעזעצט אין דעם לאנד פון דעם אמורי: 32 אונד משה האט געשיקט אויסצופארשען יעזר, אונד זייא האבען איינגענומען איהרע דערפער, אונד זייא האבען פערטריבען דעם אמורי וואס איז דארט געוועזען: 33 אונד זייא האבען זיך אומגעקערט אונד זענען ארויפגעגאנגען אויף דעם וועג קיין בשן, אונד עוג דער קעניג פון בשן איז ארויסגעגאנגען ענטקעגען זייא, ער אונד זיין גאנצעס פאלק מלחמה צו האלטען אין אדרעי: 34 אונד גאט האט געזאגט צו משה, דוא זאלסט פאר איהם ניט מורא האבען, ווארין איך האב איהם אונד זיין גאנצעס פאלק אונד זיין לאנד אין דיינע האנד געגעבען, אונד דוא זאלסט צו איהם טהון אזוי וויא דוא האסט געטהון צו סיחון דעם קעניג פון אמורי, וואס האט געוואוינט אין חשבון: 35 אונד זייא האבען איהם געשלאגען אונד זיינע זיהן, אונד זיין גאנצעס פאלק, ביז עס איז איהם קיין איבערבלייבונג ניט איבערגעבליבען, אונד זייא האבען גערשט זיין לאנד:

## קאפיטעל כב

1 אונד דיא קינדער ישראל האבען געצויגען אונד זייא האבען גערוהט אין ערבות מואב אן דער אנדערע זייט פון דעם ירדן ירחו:

## בלק

2 אונד ווען בלק זוהן פון צפור האט געזעהען אלעס וואס ישראל האבען געטהון צו דעם אמורי: 3 אזוי האט מואב זעהר מורא געהאט פאר דעם פאלק, ווייל עס איז געוועזען גרוים, אונד מואב האט זיך פערמיאוסט פאר דיא קינדער ישראל: 4 אונד מואב האט געזאגט צו דיא עלצטע פון מדין יעצט וועלען דיא געמיינדע אפעסען אלעס וואס איז רינגס ארום אזוי וויא איין אקס עסט אפ דאס גרינע גראז פון פעלד, אונד בלק דער זוהן פון צפור איז דענסמאל געוועזען קעניג איבער מואב: 5 אונד ער האט געשיקט שלוחים צו בלעם זוהן פון בעור קיין פתורה וואס איז בייא דעם טייך אין דעם לאנד פון זיין פאלק, איהם צו רופען, אזוי צו זאגען, זעה א פאלק איז ארויסגעקומען פון מצרים, אונד עס האט צוגעדעקט דעם שיין פון דעם לאנד, אונד ער זיצט קעגען איבער מיר: 6 איך בעט דיך קום אצונד, שעלט מיר דאס דאזיגע פאלק ווייל ער איז שטארקער פון מיר, טאמער וועל איך איהם קענען שלאגען אונד איהם פערטרייבען פון דעם לאנד, ווייל איך ווייס אז וועמען דוא בענשסט איז געבענשט, אונד וועמען דוא שעלסט איז געשאלטען: 7 אונד דיא עלצטע פון מואב אונד פון מדין זענען געגאנגען, אונד זייא האבען געהאט אין זייערע האנד, דיא צאל פאר צויבערייא

וַיָּבֹאוּ אֶל־בִּלְעָם וַיְדַבְּרוּ אֵלָיו דִּבְרֵי בָלָק׃ וַיֹּאמֶר אֲלֵיהֶם 8
לִינוּ פֹה הַלַּיְלָה וַהֲשִׁבֹתִי אֶתְכֶם דָּבָר כַּאֲשֶׁר יְדַבֵּר יְהוָה
אֵלָי וַיֵּשְׁבוּ שָׂרֵי־מוֹאָב עִם־בִּלְעָם׃ וַיָּבֹא אֱלֹהִים אֶל־ 9
בִּלְעָם וַיֹּאמֶר מִי הָאֲנָשִׁים הָאֵלֶּה עִמָּךְ׃ וַיֹּאמֶר בִּלְעָם י
אֶל־הָאֱלֹהִים בָּלָק בֶּן־צִפֹּר מֶלֶךְ מוֹאָב שָׁלַח אֵלָי׃ הִנֵּה 11
הָעָם הַיֹּצֵא מִמִּצְרַיִם וַיְכַס אֶת־עֵין הָאָרֶץ עַתָּה לְכָה קָבָה־
לִּי אֹתוֹ אוּלַי אוּכַל לְהִלָּחֶם בּוֹ וְגֵרַשְׁתִּיו׃ וַיֹּאמֶר אֱלֹהִים 12
אֶל־בִּלְעָם לֹא תֵלֵךְ עִמָּהֶם לֹא תָאֹר אֶת־הָעָם כִּי בָרוּךְ
הוּא׃ וַיָּקָם בִּלְעָם בַּבֹּקֶר וַיֹּאמֶר אֶל־שָׂרֵי בָלָק לְכוּ אֶל־ 13
אַרְצְכֶם כִּי מֵאֵן יְהוָה לְתִתִּי לַהֲלֹךְ עִמָּכֶם׃ וַיָּקוּמוּ שָׂרֵי 14
מוֹאָב וַיָּבֹאוּ אֶל־בָּלָק וַיֹּאמְרוּ מֵאֵן בִּלְעָם הֲלֹךְ עִמָּנוּ׃
וַיֹּסֶף עוֹד בָּלָק שְׁלֹחַ שָׂרִים רַבִּים וְנִכְבָּדִים מֵאֵלֶּה׃ טו
וַיָּבֹאוּ אֶל־בִּלְעָם וַיֹּאמְרוּ לוֹ כֹּה אָמַר בָּלָק בֶּן־צִפּוֹר אַל־ 16
נָא תִמָּנַע מֵהֲלֹךְ אֵלָי׃ כִּי־כַבֵּד אֲכַבֶּדְךָ מְאֹד וְכֹל אֲשֶׁר־ 17
תֹּאמַר אֵלַי אֶעֱשֶׂה וּלְכָה־נָּא קָבָה־לִּי אֵת הָעָם הַזֶּה׃ וַיַּעַן 18
בִּלְעָם וַיֹּאמֶר אֶל־עַבְדֵי בָלָק אִם־יִתֶּן־לִי בָלָק מְלֹא בֵיתוֹ
כֶּסֶף וְזָהָב לֹא אוּכַל לַעֲבֹר אֶת־פִּי יְהוָה אֱלֹהָי לַעֲשׂוֹת
קְטַנָּה אוֹ גְדוֹלָה׃ וְעַתָּה שְׁבוּ נָא בָזֶה גַּם־אַתֶּם הַלָּיְלָה 19
וְאֵדְעָה מַה־יֹּסֵף יְהוָה דַּבֵּר עִמִּי׃ וַיָּבֹא אֱלֹהִים ׀ אֶל־ כ
בִּלְעָם לַיְלָה וַיֹּאמֶר לוֹ אִם־לִקְרֹא לְךָ בָּאוּ הָאֲנָשִׁים קוּם
לֵךְ אִתָּם וְאַךְ אֶת־הַדָּבָר אֲשֶׁר־אֲדַבֵּר אֵלֶיךָ אֹתוֹ תַעֲשֶׂה׃
וַיָּקָם בִּלְעָם בַּבֹּקֶר וַיַּחֲבֹשׁ אֶת־אֲתֹנוֹ וַיֵּלֶךְ עִם־שָׂרֵי מוֹאָב׃ 21
וַיִּחַר־אַף אֱלֹהִים כִּי־הוֹלֵךְ הוּא וַיִּתְיַצֵּב מַלְאַךְ יְהוָה בַּדֶּרֶךְ 22
לְשָׂטָן לוֹ וְהוּא רֹכֵב עַל־אֲתֹנוֹ וּשְׁנֵי נְעָרָיו עִמּוֹ׃ וַתֵּרֶא 23
הָאָתוֹן אֶת־מַלְאַךְ יְהוָה נִצָּב בַּדֶּרֶךְ וְחַרְבּוֹ שְׁלוּפָה בְּיָדוֹ
וַתֵּט הָאָתוֹן מִן־הַדֶּרֶךְ וַתֵּלֶךְ בַּשָּׂדֶה וַיַּךְ בִּלְעָם אֶת־הָאָתוֹן
לְהַטֹּתָהּ הַדָּרֶךְ׃ וַיַּעֲמֹד מַלְאַךְ יְהוָה בְּמִשְׁעוֹל הַכְּרָמִים 24

אונד זייא זענען געקומען צו בִּלְעָם, אונד זייא האָבען צו איהם גערעדט דיא ווערטער פון בָּלָק: 8 אונד ער האָט צו זייא געזאָגט, איבערנעכטיגט היר דיזע נאַכט אונד איך וועל אייך ענטפערן דיא זאַך וואָס גאָט וועט צו מיר רעדען. אונד דיא פירשטען פון מוֹאָב זענען געבליבען מיט בִּלְעָם: 9 אונד גאָט איז געקומען צו בִּלְעָם אונד האָט געזאָגט, ווער זענען דיא דאָזיגע מענשען ביי דיר? 10 אונד בִּלְעָם האָט געזאָגט צו גאָט, בָּלָק זוהן פון צִפּוֹר האָט זייא צו מיר געשיקט: 11 זעה, דאָס פאָלק וואָס איז אַרויסגעגאַנגען פון מִצְרַיִם האָט באַדעקט דעם שיין פון דעם לאַנד, יעצט קום אונד שעלט מיר איהם, טאָמער וועל איך קענען מיט איהם מִלְחָמָה האַלטען אונד איך וועל איהם פערטרייבען; 12 אונד גאָט האָט געזאָגט צו בִּלְעָם, דוא זאָלסט ניט גיין מיט זייא, דוא זאָלסט ניט שעלטען דאָס פאָלק, ווייל עס איז געבענשט: 13 אונד בִּלְעָם איז אויפגעשטאַנען אין דער פריה, אונד ער האָט געזאָגט צו דיא פירשטען פון בָּלָק גייט צו אייער לאַנד, וואָרין גאָט וויל ניט צוגעבען דאָס איך זאָל מיט אייך גיין: 14 אונד דיא פירשטען פון מוֹאָב זענען אויפגעשטאַנען אונד זענען געקומען צו בָּלָק אונד האָבען געזאָגט, בִּלְעָם וויל ניט מיט אונס גיין: 15 אונד בָּלָק האָט נאָכאַמאָל געשיקט, גרעסערע אונד מעהר געעהרטע פירשטען פון דיא דאָזיגע: 16 אונד זייא זענען געקומען צו בִּלְעָם אונד זייא האָבען צו איהם געזאָגט, אַזוֹי האָט געזאָגט בָּלָק זוהן פון צִפּוֹר, איך בעט דיך, דוא זאָלסט ניט פערמיידען צו מיר צו קומען: 17 וואָרין איך וועל דיך זעהר עהרען, אונד אַלעס וואָס דוא וועסט צו מיר זאָגען וועל איך טהון, קום נור אונד שעלט מיר דאָס דאָזיגע פאָלק: 18 אונד בִּלְעָם האָט געענטפערט אונד געזאָגט צו דיא קנעכט פון בָּלָק, ווען בָּלָק זאָל מיר געבען זיין הויז פול מיט זילבער אונד גאָלד אַזוֹי קען איך ניט איבערטרעטען דעם בעפעהל פון דעם האר מיין גאָט, צו טהון אַ קליינע אָדער אַ גרויסע זאַך: 19 אונד אַצונד בלייבט דאָך דאָ אויך דיזע נאַכט, אַז איך זאָל וויסען וואָס גאָט וועט נאָך מעהר מיט מיר רעדען: 20 אונד גאָט איז געקומען צו בִּלְעָם ביי נאַכט, אונד ער האָט צו איהם געזאָגט, ווען דיא מענער וואָס זענען צו דיר געקומען רופען דיך, שטעה אויף אונד גייא מיט זייא, אָבער דיא זאַך וואָס איך וועל צו דיר רעדען דאָס זאָלסט דוא טהון: 21 אַזוֹי איז בִּלְעָם אויפגעשטאַנען אין דער פריה אונד האָט אָנגעזאָטעלט זיין אייזעל, אונד איז געגאַנגען מיט דיא פירשטען פון מוֹאָב: 22 אונד דער צאָרן פון גאָט האָט געגרימט ווייל ער איז מיט זייא געגאַנגען, אונד דער מַלְאָךְ פון גאָט האָט זיך געשטעלט אין דעם וועג איהם אויפצוהאַלטען, אונד ער האָט געריטען אויף זיין אייזעל, אונד זיינע צווייא יונגען מיט איהם: 23 אונד ווען דער אייזעל האָט געזעהען דעם מַלְאָךְ פון גאָט שטיין אין דעם וועג אונד זיין בלויסעם שווערד אין זיינע האַנד, אַזוֹי האָט זיך דער אייזעל אָפּגעניינט פון דעם וועג, אונד איז געגאַנגען אויף דעם פעלד, אונד בִּלְעָם האָט דעם אייזעל געשלאָגען כְּדֵי איהם צוריקצונייגען אויף דעם וועג: 24 אַזוֹי האָט זיך דער מַלְאָךְ פון גאָט געשטעלט אין דיא שטעגען פון דיא וויינגערטען, אַ צוים איז

כה גָּדֵר מִזֶּה וְגָדֵר מִזֶּה׃ וַתֵּרֶא הָאָתוֹן אֶת־מַלְאַךְ יְהוָה
וַתִּלָּחֵץ אֶל־הַקִּיר וַתִּלְחַץ אֶת־רֶגֶל בִּלְעָם אֶל־הַקִּיר וַיֹּסֶף
26 לְהַכֹּתָהּ׃ וַיּוֹסֶף מַלְאַךְ־יְהוָה עֲבוֹר וַיַּעֲמֹד בְּמָקוֹם צָר
27 אֲשֶׁר אֵין־דֶּרֶךְ לִנְטוֹת יָמִין וּשְׂמֹאול׃ וַתֵּרֶא הָאָתוֹן אֶת־
מַלְאַךְ יְהוָה וַתִּרְבַּץ תַּחַת בִּלְעָם וַיִּחַר־אַף בִּלְעָם וַיַּךְ
28 אֶת־הָאָתוֹן בַּמַּקֵּל׃ וַיִּפְתַּח יְהוָה אֶת־פִּי הָאָתוֹן וַתֹּאמֶר
לְבִלְעָם מֶה־עָשִׂיתִי לְךָ כִּי הִכִּיתַנִי זֶה שָׁלֹשׁ רְגָלִים׃
29 וַיֹּאמֶר בִּלְעָם לָאָתוֹן כִּי הִתְעַלַּלְתְּ בִּי לוּ יֶשׁ־חֶרֶב בְּיָדִי
ל כִּי עַתָּה הֲרַגְתִּיךְ׃ וַתֹּאמֶר הָאָתוֹן אֶל־בִּלְעָם הֲלוֹא אָנֹכִי
אֲתֹנְךָ אֲשֶׁר־רָכַבְתָּ עָלַי מֵעוֹדְךָ עַד־הַיּוֹם הַזֶּה הַהַסְכֵּן
31 הִסְכַּנְתִּי לַעֲשׂוֹת לְךָ כֹּה וַיֹּאמֶר לֹא׃ וַיְגַל יְהוָה אֶת־עֵינֵי
בִלְעָם וַיַּרְא אֶת־מַלְאַךְ יְהוָה נִצָּב בַּדֶּרֶךְ וְחַרְבּוֹ שְׁלֻפָה
32 בְּיָדוֹ וַיִּקֹּד וַיִּשְׁתַּחוּ לְאַפָּיו׃ וַיֹּאמֶר אֵלָיו מַלְאַךְ יְהוָה עַל־
מָה הִכִּיתָ אֶת־אֲתֹנְךָ זֶה שָׁלוֹשׁ רְגָלִים הִנֵּה אָנֹכִי יָצָאתִי
33 לְשָׂטָן כִּי־יָרַט הַדֶּרֶךְ לְנֶגְדִּי׃ וַתִּרְאַנִי הָאָתוֹן וַתֵּט לְפָנַי
זֶה שָׁלֹשׁ רְגָלִים אוּלַי נָטְתָה מִפָּנַי כִּי עַתָּה גַּם־אֹתְכָה
34 הָרַגְתִּי וְאוֹתָהּ הֶחֱיֵיתִי׃ וַיֹּאמֶר בִּלְעָם אֶל־מַלְאַךְ יְהוָה
חָטָאתִי כִּי לֹא יָדַעְתִּי כִּי אַתָּה נִצָּב לִקְרָאתִי בַּדָּרֶךְ וְעַתָּה
לה אִם־רַע בְּעֵינֶיךָ אָשׁוּבָה לִּי׃ וַיֹּאמֶר מַלְאַךְ יְהוָה אֶל־
בִּלְעָם לֵךְ עִם־הָאֲנָשִׁים וְאֶפֶס אֶת־הַדָּבָר אֲשֶׁר־אֲדַבֵּר
36 אֵלֶיךָ אֹתוֹ תְדַבֵּר וַיֵּלֶךְ בִּלְעָם עִם־שָׂרֵי בָלָק׃ וַיִּשְׁמַע
בָּלָק כִּי־בָא בִלְעָם וַיֵּצֵא לִקְרָאתוֹ אֶל־עִיר מוֹאָב אֲשֶׁר
37 עַל־גְּבוּל אַרְנֹן אֲשֶׁר בִּקְצֵה הַגְּבוּל׃ וַיֹּאמֶר בָּלָק אֶל־
בִּלְעָם הֲלֹא שָׁלֹחַ שָׁלַחְתִּי אֵלֶיךָ לִקְרֹא־לָךְ לָמָּה לֹא־
38 הָלַכְתָּ אֵלָי הַאֻמְנָם לֹא אוּכַל כַּבְּדֶךָ׃ וַיֹּאמֶר בִּלְעָם אֶל־
בָּלָק הִנֵּה־בָאתִי אֵלֶיךָ עַתָּה הֲיָכֹל אוּכַל דַּבֵּר מְאוּמָה
39 הַדָּבָר אֲשֶׁר יָשִׂים אֱלֹהִים בְּפִי אֹתוֹ אֲדַבֵּר׃ וַיֵּלֶךְ בִּלְעָם

געוועזען פון דיא זייט אונד אַ צוים פון יענער זייט׃ 25 אונד ווען דער אייזעל האָט געזעהען דעם מַלְאָךְ פון גאָט, אַזוי האָט ער זיך געקוועטשט צו דער וואַנד, אונד ער האָט געקוועטשט דעם פוס פון בִּלְעָם אָן דער וואַנד, אַזוי האָט ער איהם נאָך מעהר געשלאָגען׃ 26 אונד דער מַלְאָךְ פון גאָט איז נאָכאַמאָל אַריבערגעגאַנגען, אונד ער האָט זיך געשטעלט אין אַן ענגען אָרט, וואו עס איז ניט געוועזען קיין פּלאַץ זיך אָפּצונייגען צו רעכטען אָדער צו לינקען זייט׃ 27 אונד ווען דער אייזעל האָט געזעהען דעם מַלְאָךְ פון גאָט אַזוי האָט ער זיך אַנידערגעלייגט אונטער בִּלְעָם, אונד דער צאָרן פון בִּלְעָם האָט געגרימט, אונד ער האָט דעם אייזעל געשלאָגען מיט דעם שטעקען׃ 28 אונד גאָט האָט אויפגעמאַכט דאָס מויל פון דעם אייזעל, אונד זיא האָט געזאָגט צו בִּלְעָם, וואָס האָב איך צו דיר געטהון דאָס דוא האָסט מיך דיא דאָזיגע דרייא מאָל געשלאָגען׃ 29 אַזוי האָט בִּלְעָם געזאָגט צו דעם אייזעל, ווייל דוא האָסט אויס מיר געשפּעט געמאַכט, הַלְוַאי וואָלט געוועזען אַ שווערד אין מיינע האַנד אַזוי וואָלט איך דיך געהרגעט׃ 30 אונד דער אייזעל האָט געזאָגט צו בִּלְעָם, בין איך ניט דיין אייזעל, וואָס דוא האָסט אויף מיר געריטען פון דיינע יוגענד אָן ביז צום היינטיגען טאָג? בין איך דען געוואוינט דיר אַזוי צו טהון? אונד ער האָט געזאָגט, ניין׃ 31 אונד גאָט האָט אויפגעמאַכט דיא אויגען פון בִּלְעָם אונד ער האָט געזעהען דעם מַלְאָךְ פון גאָט שטיין אויף דעם וועג, אונד זיין בלויסעס שווערד אין זיינע האַנד; אונד ער האָט זיך געביקט, אונד איז געפאַלען אויף זיין פָּנִים׃ 32 אונד דער מַלְאָךְ פון גאָט האָט צו איהם געזאָגט, פאַרוואָס האָסט דוא דיין אייזעל געשלאָגען דיזע דרייא מאָל? זעה, איך בין אַרויסגעגאַנגען דיך צו היגדערן ווייל דיין וועג איז ענטקעגען מיר׃ 33 אונד ווען דער אייזעל האָט מיך געזעהען האָט ער זיך פאַר מיר אָפּגענייגט דיזע דרייא מאָל; ווען זיא וואָלט זיך ניט אָפּגענייגט פון מיר אַזוי וואָלט איך דיך אַצונד אויך געווים געהרגעט, אָבער זיא וואָלט איך געלאָזט לעבען׃ 34 אונד בִּלְעָם האָט געזאָגט צו דעם מַלְאָךְ פון גאָט, איך האָב געזינדיגט, וואָרין איך האָב ניט געוואוסט אַז דוא ביזט געשטאַנען ענטקעגען מיר אויף דעם וועג, אונד אַצונד ווען עס געפעלט דיר ניט אַזוי וועל איך מיך אומקערען׃ 35 אונד דער מַלְאָךְ פון גאָט האָט געזאָגט צו בִּלְעָם, גייא מיט דיא מענער, אָבער נור דיא ווערטער וואָס איך וועל צו דיר רעדען דאָס זאָלסט דוא רעדען; אונד בִּלְעָם איז געגאַנגען מיט דיא פירשטען פון בָּלָק׃ 36 אונד ווען בָּלָק האָט געהערט אַז בִּלְעָם קומט, אַזוי איז ער ענטקעגען איהם אַרויסגעגאַנגען צו דער (הויפּט) שטאָט פון מוֹאָב, ביז צו דער גרענעץ פון אַרְנֹן, וואָס איז אָן דעם עק פון דער גרענעץ׃ 37 אונד בָּלָק האָט געזאָגט צו בִּלְעָם, האָב איך ניט ערנסטליך נאָך דיר געשיקט דיך צו רופען? פאַרוואָס ביזט דוא ניט צו מיר געקומען? בין איך דען ניט אים שטאַנד דיך צו עהרען? 38 אונד בִּלְעָם האָט געזאָגט צו בָּלָק, זעה, איך בין שוין צו דיר געקומען, מיינסט דוא אַז איך וועל קענען עפּעס רעדען? דאָס וואָרט וואָס גאָט וועט געבען אין מיין מויל דאָס וועל איך רעדען׃ 39 אונד בִּלְעָם איז געגאַנגען

עם־בלק ויבאו קרית חצות: ויזבח בלק בקר וצאן וישלח מ
לבלעם ולשרים אשר אתו: ויהי בבקר ויקח בלק את־ 41
בלעם ויעלהו במות בעל וירא משם קצה העם:

כג

כג

ויאמר בלעם אל־בלק בנה־לי בזה שבעה מזבחת והכן א
לי בזה שבעה פרים ושבעה אילים: ויעש בלק כאשר 2
דבר בלעם ויעל בלק ובלעם פר ואיל במזבח: ויאמר 3
בלעם לבלק התיצב על־עלתך ואלכה אולי יקרה
יהוה לקראתי ודבר מה־יראני והגדתי לך וילך שפי:
ויקר אלהים אל־בלעם ויאמר אליו את־שבעת המזבחת 4
ערכתי ואעל פר ואיל במזבח: וישם יהוה דבר בפי ה
בלעם ויאמר שוב אל־בלק וכה תדבר: וישב אליו 6
והנה נצב על־עלתו הוא וכל־שרי מואב: וישא משלו 7
ויאמר מן־ארם ינחני בלק מלך־מואב מהררי־קדם
לכה ארה־לי יעקב ולכה זעמה ישראל: מה אקב לא 8
קבה אל ומה אזעם לא זעם יהוה: כי־מראש צרים 9
אראנו ומגבעות אשורנו הן־עם לבדד ישכן ובגוים לא
יתחשב: מי מנה עפר יעקב ומספר את־רבע ישראל י
תמת נפשי מות ישרים ותהי אחריתי כמהו: ויאמר 11
בלק אל־בלעם מה עשית לי לקב איבי לקחתיך והנה
ברכת ברך: ויען ויאמר הלא את אשר ישים יהוה 12
בפי אתו אשמר לדבר: ויאמר אליו בלק לך־נא אתי 13
אל־מקום אחר אשר תראנו משם אפס קצהו תראה
וכלו לא תראה וקבנו־לי משם: ויקחהו שדה צפים 14
אל־ראש הפסגה ויבן שבעה מזבחת ויעל פר ואיל
במזבח: ויאמר אל־בלק התיצב כה על־עלתך ואנכי טו
אקרה כה: ויקר יהוה אל־בלעם וישם דבר בפיו 16

מיט בלק, אונד זייא זענען געקומען קיין
קרית חצות: 40 אונד בלק האט גע־
שאכטען רינדער אונד שאף, אונד ער
האט געשיקט צו בלעם אונד צו דיא
פירשטען וואס זענען מיט איהם געוועזען:
41 אונד עס איז געוועזען אם מארגען
אזוי האט בלק גענומען בלעם אונד ער
האט איהם ארויפגעבראכט אויף דיא
הייך פון בעל, אונד ער האט פון דארט
געזעהען דעם אייסערסטען טייל פון
דעם פאלק:

קאפיטעל כג

1 אונד בלעם האט געזאגט צו בלק
בויע מיר דא זיבען מזבחות, אונד בריים
מיר דא צו זיבען אקסען אונד זיבען
ווידער: 2 אונד בלק האט געטהון אזוי
וויא בלעם האט גערעט, אונד בלק אונד
בלעם האבען מקריב געוועזען איין אקס
אונד איין ווידער אויף איטליכען מזבח:
3 אונד בלעם האט געזאגט צו בלק,
בלייב שטיין בייא דיינע בראנד אפפער
אונד איך וועל גיין, טאמער וועט
זיך גאט מיר בעגעגנען אונד וועט
מיר עפעס זאגען אונד דיא זאך וואס
ער וועט מיר ווייזען וועל איך דיר
אנזאגען, אונד ער איז געגאנגען אויף א הויכען ארט: 4 אונד גאט האט זיך געטראפען
מיט בלעם, אונד ער האט צו איהם געזאגט, איך האב צוגעבריים זיבען מזבחות אונד
איך האב אויף איטליכען מזבח מקריב געוועזען איין אקס אונד איין ווידער: 5 אונד
גאט האט געטהון א ווארט אין דעם מויל פון בלעם, אונד ער האט געזאגט, גייא
צוריק צו בלק, אונד אזוי זאלסט דוא רעדען: 6 אונד ער האט זיך צו איהם צוריק־
געקעהרט, אונד זעה, ער איז געשטאנען בייא זיינע בראנד אפפער, ער אונד אלע
פירשטען פון מואב: 7 אונד ער האט אויפגעהויבען זיין משל אונד האט געזאגט,
בלק דער קעניג פון מואב האט מיך געפיהרט פון ארם, פון דיא בערג פון מזרח זיים
(אונד האט געזאגט) גייא שעלט מיר יעקב, אונד גייא דערצארן מיך אויף ישראל:
8 וויא זאל איך שעלטען וועמען גאט האט ניט געשאלטען, אונד וואס זאל איך
דערצארנען איבער וועמען גאט האט זיך ניט דערצארנט? 9 ווארין פון דער שפיץ
פון דעם פעלז זעה איך איהם, אונד פון דיא היגעלן דערבליק איך איהם, זעה, דאס
פאלק וועט בייא זיך אליין וואוינען, אונד וועט זיך ניט רעכנען צווישען דיא פעלקער:
10 ווער קען ציילען דעם שטויב פון יעקב, אונד דיא צאל פון דעם פירטען טייל פון
ישראל? לאז מיך שטארבען דעם טויט פון דיא רעכטשאפענע, אונד לאז מיין ענד זיין
אזוי וויא זיינס: 11 אונד בלק האט געזאגט צו בלעם, וואס האסט דוא מיר געטהון? איך
האב דיך אהער געבראכט אז דוא זאלסט מיר שעלטען מיינע פיינד, אונד זעה, דוא האסט
זייא געבענשט: 12 אונד ער האט געענטפערט אונד געזאגט, איז עס ניט רעכט, אז דאס
וואס גאט האט געטהון אין מיין מויל דאס מוז איך מיך היטען צו רעדען? 13 אונד בלק
האט צו איהם געזאגט, איך בעט דיך, קום מיט מיר צו איין אנדערן ארט, וואס דוא קענסט
זייא פון דארט זעהען; דוא זאלסט נאר דעם עק טייל פון זייא זעהען, אבער אים
גאנצען זאלסט דוא זייא ניט זעהען, אונד שעלט זייא מיר פון דארט: 14 אונד ער
האט איהם געבראכט צו דעם פעלד צופים, צו דער שפיץ פון פסגה; אונד ער האט
געבויעט זיבען מזבחות, אונד ער האט אויף איטליכען מזבח מקריב געוועזען איין אקס
אונד איין ווידער: 15 אונד ער האט געזאגט צו בלק בלייב דא שטיין בייא דיינע
בראנד אפפער, אונד איך וויל מיך דארט צוזאמען טרעפען (מיט גאט): 16 אונד גאט
האט זיך געטראפען מיט בלעם, אונד ער האט א ווארט אריינגעטהון אין זיין מויל,
אונד

17 וַיֹּאמֶר שׁוּב אֶל־בָּלָק וְכֹה תְדַבֵּר׃ וַיָּבֹא אֵלָיו וְהִנּוֹ נִצָּב
עַל־עֹלָתוֹ וְשָׂרֵי מוֹאָב אִתּוֹ וַיֹּאמֶר לוֹ בָּלָק מַה־דִּבֶּר
18 יְהוָה׃ וַיִּשָּׂא מְשָׁלוֹ וַיֹּאמַר קוּם בָּלָק וּשֲׁמָע הַאֲזִינָה
19 עָדַי בְּנוֹ צִפֹּר׃ לֹא אִישׁ אֵל וִיכַזֵּב וּבֶן־אָדָם וְיִתְנֶחָם
כ הַהוּא אָמַר וְלֹא יַעֲשֶׂה וְדִבֶּר וְלֹא יְקִימֶנָּה׃ הִנֵּה בָרֵךְ
21 לָקָחְתִּי וּבֵרֵךְ וְלֹא אֲשִׁיבֶנָּה׃ לֹא־הִבִּיט אָוֶן בְּיַעֲקֹב וְלֹא־
רָאָה עָמָל בְּיִשְׂרָאֵל יְהוָה אֱלֹהָיו עִמּוֹ וּתְרוּעַת מֶלֶךְ בּוֹ׃
22 23 אֵל מוֹצִיאָם מִמִּצְרָיִם כְּתוֹעֲפֹת רְאֵם לוֹ׃ כִּי לֹא־נַחַשׁ
בְּיַעֲקֹב וְלֹא־קֶסֶם בְּיִשְׂרָאֵל כָּעֵת יֵאָמֵר לְיַעֲקֹב וּלְיִשְׂרָאֵל
24 מַה־פָּעַל אֵל׃ הֶן־עָם כְּלָבִיא יָקוּם וְכַאֲרִי יִתְנַשָּׂא לֹא
כה יִשְׁכַּב עַד־יֹאכַל טֶרֶף וְדַם־חֲלָלִים יִשְׁתֶּה׃ וַיֹּאמֶר בָּלָק
26 אֶל־בִּלְעָם גַּם־קֹב לֹא תִקֳּבֶנּוּ גַּם־בָּרֵךְ לֹא תְבָרְכֶנּוּ׃ וַיַּעַן
בִּלְעָם וַיֹּאמֶר אֶל־בָּלָק הֲלֹא דִּבַּרְתִּי אֵלֶיךָ לֵאמֹר כֹּל
27 אֲשֶׁר־יְדַבֵּר יְהוָה אֹתוֹ אֶעֱשֶׂה׃ וַיֹּאמֶר בָּלָק אֶל־בִּלְעָם
לְכָה־נָּא אֶקָּחֲךָ אֶל־מָקוֹם אַחֵר אוּלַי יִישַׁר בְּעֵינֵי הָאֱלֹהִים
28 וְקַבֹּתוֹ לִי מִשָּׁם׃ וַיִּקַּח בָּלָק אֶת־בִּלְעָם רֹאשׁ הַפְּעוֹר
29 הַנִּשְׁקָף עַל־פְּנֵי הַיְשִׁימֹן׃ וַיֹּאמֶר בִּלְעָם אֶל־בָּלָק בְּנֵה־
לִי בָזֶה שִׁבְעָה מִזְבְּחֹת וְהָכֵן לִי בָּזֶה שִׁבְעָה פָרִים
ל וְשִׁבְעָה אֵילִים׃ וַיַּעַשׂ בָּלָק כַּאֲשֶׁר אָמַר בִּלְעָם וַיַּעַל פַּר
וָאַיִל בַּמִּזְבֵּחַ׃

## כד כד

א וַיַּרְא בִּלְעָם כִּי טוֹב בְּעֵינֵי יְהוָה לְבָרֵךְ אֶת־יִשְׂרָאֵל וְלֹא־
הָלַךְ כְּפַעַם־בְּפַעַם לִקְרַאת נְחָשִׁים וַיָּשֶׁת אֶל־הַמִּדְבָּר
2 פָּנָיו׃ וַיִּשָּׂא בִלְעָם אֶת־עֵינָיו וַיַּרְא אֶת־יִשְׂרָאֵל שֹׁכֵן
3 לִשְׁבָטָיו וַתְּהִי עָלָיו רוּחַ אֱלֹהִים׃ וַיִּשָּׂא מְשָׁלוֹ וַיֹּאמַר
4 נְאֻם בִּלְעָם בְּנוֹ בְעֹר וּנְאֻם הַגֶּבֶר שְׁתֻם הָעָיִן׃ נְאֻם
שֹׁמֵעַ אִמְרֵי־אֵל אֲשֶׁר מַחֲזֵה שַׁדַּי יֶחֱזֶה נֹפֵל וּגְלוּי

אונד ער האט געזאגט, קעהר צוריק צו
בלק, אונד אזוי זאלסט דוא רעדען:
17 אונד ער איז צו איהם געקומען,
אונד זעה, ער איז געשטאנען בייא זיינע
בראנד אפפער אונד דיא פירשטען פון
מואב מיט איהם, אונד בלק האט צו
איהם געזאגט, וואס האט גאט גערעדט?
18 אונד ער האט אויפגעהויבען זיין
משל אונד ער האט געזאגט, שטייא
אויף בלק אונד הער, הארך צו מיר דוא
זוהן פון צפור: 19 גאט איז ניט א מאן
אז ער זאל ליגען זאגען, אונד קיין
מענשען־זוהן אז ער זאל חרטה האבען;
האט דערזעלביגער געזאגט אונד זאל
ער עס ניט טהון, אדער האט ער גערעדט
אונד זאל ער ניט מקיים זיין? 20 זעה,
איך האב גענומען א בעפעל צו בענשען,
אונד ער האט געבענשט, אונד איך קען
עס ניט ווידערקערען: 21 ער האט ניט
געבליקט קיין אומרעכט אין יעקב, אונד
ער האט ניט געזעהען קיין פערקרומטעס
אין ישראל, יהוה זיין גאט איז מיט איהם,
אונד דער שאל פון א קעניג איז מיט איהם:
22 גאט האט זייא ארויסגעבראכט אויס
מצרים, ווייל ער האט דיא שטארקהייט
פון איין איינהארן (ראם): 23 ווארין עס איז ניט פערהאנדען קיין כישוף־מאכער
אין יעקב, אונד קיינע צויבערייא אין ישראל, אזוי וויא דיא צייט וואס וועט געזאגט
ווערען צו יעקב, אונד צו ישראל וואס האט גאט געטהון? 24 זעה, דאס פאלק וועט
אויפשטיין וויא א לעמפערט, אונד וויא א לייב וועט ער זיך דערהייבען, ער וועט זיך
ניט אנידערלייגען ביז ער וועט אויפעסען דאס פערצוקטע אונד טרינקען דאס בלוט
פון דיא דערשלאגענע: 25 אונד בלק האט געזאגט צו בלעם, דוא זאלסט זייא גאר־
ניט שעלטען אונד אויך גארניט בענשען: 26 אונד בלעם האט געענטפערט אונד
האט געזאגט צו בלק, האב איך ניט צו דיר גערעדט אונד געזאגט, אז אלעס וואס
גאט וועט רעדען וועל איך טהון? 27 אונד בלק האט געזאגט צו בלעם, קום איך
וועל דיך נעמען צו איין אנדערן ארט, טאמער וועט עס רעכט זיין אין דיא אויגען
פון גאט, אז דוא זאלסט זייא פון דארט פאר מיר שעלטען: 28 אונד בלק האט
גענומען בלעם אויף דער שפיץ פון פעור וואס בליקט אויף דער וויסטענייא (ישימון):
29 אונד בלעם האט געזאגט צו בלק בויע מיר דא זיבען מזבחות, אונד בערייט מיר
דא צו זיבען אקסען אונד זיבען ווידער: 30 אונד בלק האט געטהון אזוי וויא בלעם
האט געזאגט; אונד ער האט מקריב געוועזען איין אקס אונד איין ווידער אויף
איטליכען מזבח:

## קאפיטעל כד

1 אונד ווען בלעם האט געזעהען אז עס איז וואוילגעפאלען אין דיא אויגען פון גאט
ישראל צו בענשען, אזוי איז ער ניט מעהר געגאנגען וויא דיא (ערשטע) צווייא מאל
ענטקעגען מיט כישוף, נייערט ער האט געטהון זיין פנים נאך דער מדבר צו:
2 אונד ווען בלעם האט אויפגעהויבען זיינע אויגען אזוי האט ער געזעהען אז ישראל
האט גערוהט נאך זיינע שבטים נאך, אונד דער גייסט פון גאט איז אויף איהם געוועזען:
3 אונד ער האט אויפגעהויבען זיין משל אונד ער האט געזאגט; דאס איז דיא רייד
פון בלעם זוהן פון בעור, אונד דאס איז דיא רייד פון דעם מאן וואס זיין אויג איז
אויפגעמאכט: 4 דאס איז דיא רייד פון דעם וואס הערט וואס גאט זאגט, וואס זעהט דעם
שיין פון דעם אלמעכטיגען, פאלט אנידער אונד זיינע אויגען ווערען איהם אויפגעמאכט:

עֵינָיִם׃ מַה־טֹּבוּ אֹהָלֶיךָ יַעֲקֹב מִשְׁכְּנֹתֶיךָ יִשְׂרָאֵל׃ ה
כִּנְחָלִים נִטָּיוּ כְּגַנֹּת עֲלֵי נָהָר כַּאֲהָלִים נָטַע יְהוָה כַּאֲרָזִים 6
עֲלֵי־מָיִם׃ יִזַּל־מַיִם מִדָּלְיָו וְזַרְעוֹ בְּמַיִם רַבִּים וְיָרֹם 7
מֵאֲגַג מַלְכּוֹ וְתִנַּשֵּׂא מַלְכֻתוֹ׃ אֵל מוֹצִיאוֹ מִמִּצְרַיִם 8
כְּתוֹעֲפֹת רְאֵם לוֹ יֹאכַל גּוֹיִם צָרָיו וְעַצְמֹתֵיהֶם יְגָרֵם
וְחִצָּיו יִמְחָץ׃ כָּרַע שָׁכַב כַּאֲרִי וּכְלָבִיא מִי יְקִימֶנּוּ 9
מְבָרֲכֶיךָ בָרוּךְ וְאֹרְרֶיךָ אָרוּר׃ וַיִּחַר־אַף בָּלָק אֶל־בִּלְעָם י
וַיִּסְפֹּק אֶת־כַּפָּיו וַיֹּאמֶר בָּלָק אֶל־בִּלְעָם לָקֹב אֹיְבַי קְרָאתִיךָ
וְהִנֵּה בֵּרַכְתָּ בָרֵךְ זֶה שָׁלֹשׁ פְּעָמִים׃ וְעַתָּה בְּרַח־לְךָ 11
אֶל־מְקוֹמֶךָ אָמַרְתִּי כַּבֵּד אֲכַבֶּדְךָ וְהִנֵּה מְנָעֲךָ יְהוָה
מִכָּבוֹד׃ וַיֹּאמֶר בִּלְעָם אֶל־בָּלָק הֲלֹא גַּם אֶל־מַלְאָכֶיךָ 12
אֲשֶׁר־שָׁלַחְתָּ אֵלַי דִּבַּרְתִּי לֵאמֹר׃ אִם־יִתֶּן־לִי בָלָק מְלֹא 13
בֵיתוֹ כֶּסֶף וְזָהָב לֹא אוּכַל לַעֲבֹר אֶת־פִּי יְהוָה לַעֲשׂוֹת
טוֹבָה אוֹ רָעָה מִלִּבִּי אֲשֶׁר־יְדַבֵּר יְהוָה אֹתוֹ אֲדַבֵּר׃
וְעַתָּה הִנְנִי הוֹלֵךְ לְעַמִּי לְכָה אִיעָצְךָ אֲשֶׁר יַעֲשֶׂה הָעָם 14
הַזֶּה לְעַמְּךָ בְּאַחֲרִית הַיָּמִים׃ וַיִּשָּׂא מְשָׁלוֹ וַיֹּאמַר נְאֻם טו
בִּלְעָם בְּנוֹ בְעֹר וּנְאֻם הַגֶּבֶר שְׁתֻם הָעָיִן׃ נְאֻם שֹׁמֵעַ 16
אִמְרֵי־אֵל וְיֹדֵעַ דַּעַת עֶלְיוֹן מַחֲזֵה שַׁדַּי יֶחֱזֶה נֹפֵל וּגְלוּי
עֵינָיִם׃ אֶרְאֶנּוּ וְלֹא עַתָּה אֲשׁוּרֶנּוּ וְלֹא קָרוֹב דָּרַךְ כּוֹכָב 17
מִיַּעֲקֹב וְקָם שֵׁבֶט מִיִּשְׂרָאֵל וּמָחַץ פַּאֲתֵי מוֹאָב וְקַרְקַר
כָּל־בְּנֵי־שֵׁת׃ וְהָיָה אֱדוֹם יְרֵשָׁה וְהָיָה יְרֵשָׁה שֵׂעִיר אֹיְבָיו 18
וְיִשְׂרָאֵל עֹשֶׂה חָיִל׃ וְיֵרְדְּ מִיַּעֲקֹב וְהֶאֱבִיד שָׂרִיד מֵעִיר׃ 19
וַיַּרְא אֶת־עֲמָלֵק וַיִּשָּׂא מְשָׁלוֹ וַיֹּאמַר רֵאשִׁית גּוֹיִם עֲמָלֵק כ
וְאַחֲרִיתוֹ עֲדֵי אֹבֵד׃ וַיַּרְא אֶת־הַקֵּינִי וַיִּשָּׂא מְשָׁלוֹ וַיֹּאמַר 21
אֵיתָן מוֹשָׁבֶךָ וְשִׂים בַּסֶּלַע קִנֶּךָ׃ כִּי אִם־יִהְיֶה לְבָעֵר קָיִן 22
עַד־מָה אַשּׁוּר תִּשְׁבֶּךָּ׃ וַיִּשָּׂא מְשָׁלוֹ וַיֹּאמַר אוֹי מִי יִחְיֶה 23
מִשֻּׂמוֹ אֵל׃ וְצִים מִיַּד כִּתִּים וְעִנּוּ אַשּׁוּר וְעִנּוּ־עֵבֶר וְגַם 24

5 ווִיא גוּט זֶענֶען דֵיינֶע גֶעצֶעלְטֶער, אָ
יַעֲקֹב! אוּנְד דֵיינֶע ווָאוֹינוּנְגֶען יִשְׂרָאֵל!
6 אַזוֹי ווִיא דִיא בֶּעך ווָאס בְּרֵייטֶען זִיך אוֹיס
אַזוֹי ווִיא דִיא גֶערְטֶען ווָאס זֶענֶען בֵּייא דֶעם
טַייך, אַזוֹי ווִיא דִיא בְּשָׂמִים ווָאס גָאט הָאט
גֶעפְלַאנְצְט, אַזוֹי ווִיא דִיא טֶענֶען־בֵּיימֶער
ווָאס זֶענֶען בֵּייא דֶעם ווַאסֶער: 7 אוּנְד עֶס
ווֶעט רִינֶען ווַאסֶער פוּן זֵיין שֶׁעפֶּער, אוּנְד
זֵיינֶע קִינְדֶער ווֶעלֶען זַיין (בֶּעגְלִיקֶען) אָן
פִילֶע ווַאסֶערְן, אוּנְד זֵיין קֶענִיג ווֶעט הֶע־
כֶער זַיין ווִיא אַגָג אוּנְד זַיין קֶענִיגְרֵייך ווֶעט
דֶערְהוֹיבֶּען ווֶערֶען: 8 גָאט הָאט זֵייא
אַרוֹיסְגֶעבְּרַאכְט אוֹיס מִצְרַיִם, עֶר הָאט דִיא
שְׁטַארְקַייט ווִיא אֵיין אֵיינְהָארְן, עֶר ווֶעט
אוֹיפְפְרֶעסֶען דִיא פֶעלְקֶער ווָאס זֶענֶען זֵיינֶע
פֵיינְד, אוּנְד עֶר ווֶעט זֵיירֶע בֵּיינֶער צוּבְּרֶע־
כֶען, אוּנְד זֵיינֶע פֵיילֶען צוּשְׁמֶעטֶערֶען:
9 עֶר הָאט אַנִידֶערְגֶעקְנִיט אוּנְד זִיך גֶעלֵייגְט
ווִיא אַ לֵייבּ אוּנְד ווִיא אַ לֶעמְפֶּערְט, ווֶער
ווֶעט אִיהְם מַאכֶען אוֹיפְשְׁטֵיין? דִיא ווָאס
בֶּענְשֶׁען דִיך ווֶעלֶען גֶעבֶּענְשְׁט זֵיין, אוּנְד
דִיא ווָאס שֶׁעלְטֶען דִיך ווֶעלֶען פֶערְשָׁאלְ־
טֶען זֵיין: 10 אוּנְד דֶער צָארְן פוּן בָּלָק הָאט
גֶעגְרִימְט אוֹיף בִּלְעָם אוּנְד עֶר הָאט גֶע־
קְלַאפְּט מִיט זֵיינֶע הֶענְד, אוּנְד בָּלָק הָאט
גֶעזָאגְט צוּ בִּלְעָם, אִיך הָאבּ דִיך גֶערוּפֶען צוּ שֶׁעלְטֶען מֵיינֶע פֵיינְד, אוּנְד זֶעה, דוּא הָאסְט זֵייא
דִיא דְרֵייא מָאל אִים גַאנְצֶען גֶעבֶּענְשְׁט: 11 אוּנְד אַצוּנְד אַנְטלוֹיף צוּ דֵיין אָרְט, אִיך הָאבּ
גֶעטְרַאכְט דִיך גוּט צוּ עֶהְרֶען, אָבֶּער זֶעה, גָאט הָאט דִיך פֶערְמִיטֶען פוּן כָּבוֹד: 12 אוּנְד
בִּלְעָם הָאט גֶעזָאגְט צוּ בָּלָק, הָאבּ אִיך דֶען אוֹיך נִיט גֶערֶעט צוּ דֵיינֶע שְׁלוּחִים ווָאס דוּא הָאסְט
צוּ מִיר גֶעשִׁיקְט אַזוֹי צוּ זָאגֶען: 13 ווֶען בָּלָק זָאל מִיר גֶעבֶּען זֵיין הוֹיז פוּל מִיט זִילְבֶּער
אוּנְד גָאלְד, קֶען אִיך נִיט עוֹבֵר זַיין דֶעם בֶּעפֶעהְל פוּן גָאט, צוּ טְהוּן גוּטֶעם אָדֶער שְׁלֶעכְ־
טֶעם פוּן מֵיין אֵייגֶען הַארְץ; דָאס ווָאס גָאט ווֶעט רֶעדֶען דָאס ווֶעל אִיך רֶעדֶען: 14 אוּנְד
אַצוּנְד זֶעה, אִיך גֵייא צוּ מֵיין פָאלְק; קוּם, אִיך ווֶעל דִיר אֵיין עֵצָה גֶעבֶּען ווָאס דוּא זָאלְסְט
טְהוּן צוּ דֶעם דָאזִיגֶען פָאלְק אִין דִיא לֶעצְטֶע טֶעג: 15 אוּנְד עֶר הָאט אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען זֵיין
מָשָׁל, אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט; דָאס אִיז דִיא רֵייד פוּן בִּלְעָם זוּהְן פוּן בְּעֹר, אוּנְד דָאס אִיז דִיא
רֵייד פוּן דֶעם מַאן ווָאס זֵיין אוֹיג אִיז אוֹיפְגֶעמַאכְט: 16 דָאס אִיז דִיא רֵייד פוּן דֶעם ווָאס
הֶערְט ווָאס גָאט זָאגְט, אוּנְד ווֵייסְט דִיא ווִיסֶענְשַׁאפְט פוּן דֶעם הֶעכְסְטֶען, ווָאס זֶעהְט דֶעם
שֵׁיין פוּן דֶעם אַלְמֶעכְטִיגֶען פַאלְט אַנִידֶער, אוּנְד זֵיינֶע אוֹיגֶען ווֶערֶען אִיהְם אוֹיפְגֶעמַאכְט:
17 אִיך ווֶעל אִיהְם זֶעהֶען אָבֶּער נִיט יֶעצְט; אִיך ווֶעל אִיהְם אָנְבְּלִיקֶען אָבֶּער נִיט נָאהֶענְט;
עֶס ווֶעט אוֹיפְגֵיין אַ שְׁטֶערְן פוּן יַעֲקֹב, אוּנְד אַ גֶעוועלְטִיגֶער ווֶעט אוֹיפְשְׁטֵיין פוּן יִשְׂרָאֵל
אוּנְד עֶר ווֶעט צוּשְׁמֶעטֶערְן דִיא עֶקֶען פוּן מוֹאָב, אוּנְד עֶר ווֶעט לֶעכֶערְן (פֶערְנִיכְטֶען) אַלֶע
קִינְדֶער פוּן שֵׁת: 18 אוּנְד אֱדוֹם ווֶעט זַיין אַ יְרֻשָּׁה, אוּנְד שֵׂעִיר ווֶעט (אוֹיך) זַיין אַ יְרֻשָּׁה
פַאר זֵיינֶע פֵיינְד, אָבֶּער יִשְׂרָאֵל ווֶעט טְהוּן מִיט אַ מַאכְט: 19 אֵיינֶער פוּן יַעֲקֹב ווֶעט גֶע־
ווֶעלְטִיגֶען, אוּנְד עֶר ווֶעט פֶערְטִילְגֶען דִיא אִיבֶּערְבְּלֵייבּוּנְג פוּן דֶער שְׁטָאט: 20 אוּנְד ווֶען
עֶר הָאט גֶעזֶעהֶען דֶעם עֲמָלֵק אַזוֹי הָאט עֶר אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען זֵיין מָשָׁל אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט,
דֶער עֶרְשְׁטֶער פוּן דִיא פֶעלְקֶער אִיז גֶעווֶעזֶען עֲמָלֵק, אָבֶּער זֵיין סוֹף ווֶעט זַיין אַז עֶר ווֶעט
אוֹיף אֵייבִּיג פֶערְלוֹירֶען ווֶערֶען: 21 אוּנְד ווֶען עֶר הָאט גֶעזֶעהֶען דֶעם קֵינִי, אַזוֹי הָאט עֶר
אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען זֵיין מָשָׁל אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, דֵיינֶע ווָאוֹינוּנְג אִיז שְׁטַארְק, אוּנְד דוּא הָאסְט
גֶעמַאכְט דֵיין נֶעסְט אִין אַ פֶעלְזֶען: 22 אָבֶּער דָאך ווֶעט קַיִן צֶערְשְׁטֶערְט ווֶערֶען אַזוֹי לַאנְג
בִּיז אַשּׁוּר ווֶעט אִיהְם גֶעפַאנְגֶען אַוֶועקְפִיהְרֶען: 23 אוּנְד עֶר הָאט אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען זֵיין מָשָׁל,
אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, אוֹי! ווֶער ווֶעט לֶעבֶּען ווֶען גָאט ווֶעט דָאס טְהוּן? 24 אוּנְד שִׁיפֶען ווֶע־
לֶען קוּמֶען פוּן כִּתִּים אוּנְד זֵייא ווֶעלֶען פֵּיינִיגֶען אַשּׁוּר, אוּנְד זֵייא ווֶעלֶען פֵּיינִיגֶען עֵבֶר, אָבֶּער
עֶר

כה הוּא עֲדֵי אֹבֵד: וַיָּקָם בִּלְעָם וַיֵּלֶךְ וַיָּשָׁב לִמְקֹמוֹ וְגַם־
בָּלָק הָלַךְ לְדַרְכּוֹ: פ

## כה כה

א וַיֵּשֶׁב יִשְׂרָאֵל בַּשִּׁטִּים וַיָּחֶל הָעָם לִזְנוֹת אֶל־בְּנוֹת מוֹאָב:
2 וַתִּקְרֶאןָ לָעָם לְזִבְחֵי אֱלֹהֵיהֶן וַיֹּאכַל הָעָם וַיִּשְׁתַּחֲווּ
3 לֵאלֹהֵיהֶן: וַיִּצָּמֶד יִשְׂרָאֵל לְבַעַל פְּעוֹר וַיִּחַר־אַף־יְהוָה
4 בְּיִשְׂרָאֵל: וַיֹּאמֶר יְהוָה אֶל־מֹשֶׁה קַח אֶת־כָּל־רָאשֵׁי הָעָם
וְהוֹקַע אוֹתָם לַיהוָה נֶגֶד הַשָּׁמֶשׁ וְיָשֹׁב חֲרוֹן אַף־יְהוָה
ה מִיִּשְׂרָאֵל: וַיֹּאמֶר מֹשֶׁה אֶל־שֹׁפְטֵי יִשְׂרָאֵל הִרְגוּ אִישׁ
6 אֲנָשָׁיו הַנִּצְמָדִים לְבַעַל פְּעוֹר: וְהִנֵּה אִישׁ מִבְּנֵי יִשְׂרָאֵל
בָּא וַיַּקְרֵב אֶל־אֶחָיו אֶת־הַמִּדְיָנִית לְעֵינֵי מֹשֶׁה וּלְעֵינֵי כָּל־
7 עֲדַת בְּנֵי־יִשְׂרָאֵל וְהֵמָּה בֹכִים פֶּתַח אֹהֶל מוֹעֵד: וַיַּרְא
פִּינְחָס בֶּן־אֶלְעָזָר בֶּן־אַהֲרֹן הַכֹּהֵן וַיָּקָם מִתּוֹךְ הָעֵדָה וַיִּקַּח
8 רֹמַח בְּיָדוֹ: וַיָּבֹא אַחַר אִישׁ־יִשְׂרָאֵל אֶל־הַקֻּבָּה וַיִּדְקֹר
אֶת־שְׁנֵיהֶם אֵת אִישׁ יִשְׂרָאֵל וְאֶת־הָאִשָּׁה אֶל־קֳבָתָהּ
9 וַתֵּעָצַר הַמַּגֵּפָה מֵעַל בְּנֵי יִשְׂרָאֵל: וַיִּהְיוּ הַמֵּתִים בַּמַּגֵּפָה
אַרְבָּעָה וְעֶשְׂרִים אָלֶף:

פ פ פ מא

11 וַיְדַבֵּר יְהוָה אֶל־מֹשֶׁה לֵּאמֹר: פִּינְחָס בֶּן־אֶלְעָזָר בֶּן־
אַהֲרֹן הַכֹּהֵן הֵשִׁיב אֶת־חֲמָתִי מֵעַל בְּנֵי־יִשְׂרָאֵל בְּקַנְאוֹ
אֶת־קִנְאָתִי בְּתוֹכָם וְלֹא־כִלִּיתִי אֶת־בְּנֵי־יִשְׂרָאֵל בְּקִנְאָתִי:
12 13 לָכֵן אֱמֹר הִנְנִי נֹתֵן לוֹ אֶת־בְּרִיתִי שָׁלוֹם: וְהָיְתָה לּוֹ
וּלְזַרְעוֹ אַחֲרָיו בְּרִית כְּהֻנַּת עוֹלָם תַּחַת אֲשֶׁר קִנֵּא לֵאלֹהָיו
14 וַיְכַפֵּר עַל־בְּנֵי יִשְׂרָאֵל: וְשֵׁם אִישׁ יִשְׂרָאֵל הַמֻּכֶּה אֲשֶׁר
הֻכָּה אֶת־הַמִּדְיָנִית זִמְרִי בֶּן־סָלוּא נְשִׂיא בֵית־אָב לַשִּׁמְעֹנִי:
טו וְשֵׁם הָאִשָּׁה הַמֻּכָּה הַמִּדְיָנִית כָּזְבִּי בַת־צוּר רֹאשׁ אֻמּוֹת
בֵּית־אָב בְּמִדְיָן הוּא: פ

ער װעט אױך אײבּיג פֿערלױרען װערען: 25 אוּנד בִּלְעָם איז אױפגעשטאַנען אוּנד איז אַװעקגעגאַנגען, אוּנד האָט צוּריקגעקעהרט צוּ זײן אָרט, אוּנד בָּלָק איז אױך געגאַנגען צוּ זײן װעג:

## קאפיטעל כה

1 אוּנד יִשְׂרָאֵל איז געבּליבּען אין שִׁטִּים, אוּנד דאָס פֿאָלק האָט אָנגעהױבּען מְזַנֶה צוּ זײן מיט דיא טעכטער פֿוּן מוֹאָב: 2 אוּנד זײא האָבּען גערוּפֿען דאָס פֿאָלק צוּ דיא שעכטוּנג פֿוּן זײערע אָפּגעטער, אוּנד זײא האָבּען געגעסען, אוּנד זײא האָבּען זיך געבּיקט צוּ זײערע אָפּגעטער: 3 אוּנד יִשְׂרָאֵל האָט זיך בּעהעפֿט צוּ בַּעַל פְּעוֹר, אוּנד דער צאָרן פֿוּן גאָט האָט געבּרימט איבּער יִשְׂרָאֵל: 4 אוּנד גאָט האָט געזאָגט צוּ משֶׁה, נעם אַלע עלצטע פֿוּן דעם פֿאָלק אוּנד הענג זײא אױף פֿאַר גאָט קעגען דער זוּן, אַז דער גרימצאָרן פֿוּן גאָט זאָל זיך אָפּקעהרען פֿוּן יִשְׂרָאֵל: 5 אוּנד משֶׁה האָט געזאָגט צוּ דיא ריכטער פֿוּן יִשְׂרָאֵל, דערשלאָגט איטליכער זײנע לײט װאָס האָבּען זיך בּעהעפֿט צוּ בַּעַל פְּעוֹר: 6 אוּנד זעה, אַ מאַן איז געקוּמען פֿוּן דיא קינדער יִשְׂרָאֵל, אוּנד האָט גענעהנט צוּ זײנע בּרידער מיט אַ מִדְיָנִית פֿאַר דיא אױגען פֿוּן משֶׁה אוּנד פֿאַר דיא אױגען פֿוּן דיא גאַנצע געמײנדע פֿוּן דיא קינדער יִשְׂרָאֵל, אוּנד זײא האָבּען געװײנט בּײא דער טיר פֿוּן דעם אֹהֶל מוֹעֵד: 7 אוּנד װען פִּינְחָס דער זוּהן פֿוּן אֶלְעָזָר, זוּהן פֿוּן אַהֲרֹן הַכֹּהֵן האָט עס געזעהען, איז ער אױפגעשטאַנען פֿוּן צװישען דער געמײנדע, אוּנד ער האָט גענוּמען אַ שפּיז אין זײנע האַנד: 8 אוּנד ער איז געקוּמען הינטער דעם מאַן פֿוּן יִשְׂרָאֵל אין דעם געצעלט אַרײן, אוּנד ער האָט זײא בּײדע, דעם מאַן פֿוּן יִשְׂרָאֵל אוּנד דיא פֿרױא געשטאָכען אין בּױך; אַזױ איז דיא מַגֵּפָה אױפגעהאַלטען געװאָרען פֿוּן דיא קינדער יִשְׂרָאֵל: 9 אוּנד דיא װאָס זענען געשטאָרבּען אין דער מַגֵּפָה, זענען געװעזען פֿיער אוּנד צװאַנציג טױזענד:

## פנחס

10 אוּנד גאָט האָט גערעדט צוּ משֶׁה אַזױ צוּ זאָגען: 11 פִּינְחָס דער זוּהן פֿוּן אֶלְעָזָר, דער זוּהן פֿוּן אַהֲרֹן הַכֹּהֵן האָט צוּריקגעקעהרט מײן גרימצאָרן פֿוּן דיא קינדער יִשְׂרָאֵל, אינדעם ער האָט געאײפֿערט מיט מײן קִנְאָה צװישען זײא, אוּנד איך האָבּ ניט פֿערטיליגט דיא קינדער יִשְׂרָאֵל אין מײן קִנְאָה: 12 דרוּם זאָג צוּ איהם, זעה, איך געבּ צוּ איהם מײן בְּרִית פֿוּן שָׁלוֹם: 13 אוּנד עס װעט זײן צוּ איהם אוּנד צוּ זײנע קינדער נאָך איהם אַ בְּרִית פֿוּן אַן אײבּיגע כְּהֻנָּה, װײל ער האָט זיך מְקַנֵא געװעזען פֿאַר זײן גאָט, אוּנד ער האָט מְכַפֵּר געװעזען פֿאַר דיא קינדער יִשְׂרָאֵל: 14 אוּנד דער נאָמען פֿוּן דעם מאַן פֿוּן יִשְׂרָאֵל װעמען ער האָט דערשלאַגען, װען ער האָט געשלאַגען דיא מִדְיָנִית, איז געװעזען זִמְרִי זוּהן פֿוּן סָלוּא, ער איז געװעזען אַ נָשִׂיא פֿוּן דעם פֿעטערליכען הױז פֿוּן שִׁמְעוֹן: 15 אוּנד דער נאָמען פֿוּן דער פֿרױא װאָס ער האָט דערשלאַגען, דיא מִדְיָנִית, איז געװעזען כָּזְבִּי דיא טאָכטער פֿוּן צוּר, ער איז געװעזען אײן עלצטער איבּער דיא פֿעלקער, אוּנד פֿוּן אַ פֿעטערליכען הױז אין מִדְיָן:

אוּנד

וַיְדַבֵּר יְהוָה אֶל־מֹשֶׁה לֵּאמֹר׃ צָרוֹר אֶת־הַמִּדְיָנִים וְהִכִּיתֶם 16 17
אוֹתָם׃ כִּי צֹרְרִים הֵם לָכֶם בְּנִכְלֵיהֶם אֲשֶׁר־נִכְּלוּ לָכֶם עַל־ 18
דְּבַר פְּעוֹר וְעַל־דְּבַר כָּזְבִּי בַת־נְשִׂיא מִדְיָן אֲחֹתָם הַמֻּכָּה
בְיוֹם־הַמַּגֵּפָה עַל־דְּבַר־פְּעוֹר׃ וַיְהִי אַחֲרֵי הַמַּגֵּפָה׃ פ 19

כו

כו

וַיֹּאמֶר יְהוָה אֶל־מֹשֶׁה וְאֶל אֶלְעָזָר בֶּן־אַהֲרֹן הַכֹּהֵן לֵאמֹר׃ א
שְׂאוּ אֶת־רֹאשׁ ׀ כָּל־עֲדַת בְּנֵי־יִשְׂרָאֵל מִבֶּן עֶשְׂרִים שָׁנָה 2
וָמַעְלָה לְבֵית אֲבֹתָם כָּל־יֹצֵא צָבָא בְּיִשְׂרָאֵל׃ וַיְדַבֵּר 3
מֹשֶׁה וְאֶלְעָזָר הַכֹּהֵן אֹתָם בְּעַרְבֹת מוֹאָב עַל־יַרְדֵּן יְרֵחוֹ
לֵאמֹר׃ מִבֶּן עֶשְׂרִים שָׁנָה וָמָעְלָה כַּאֲשֶׁר צִוָּה יְהוָה אֶת־ 4
מֹשֶׁה וּבְנֵי יִשְׂרָאֵל הַיֹּצְאִים מֵאֶרֶץ מִצְרָיִם׃ רְאוּבֵן בְּכוֹר ה
יִשְׂרָאֵל בְּנֵי רְאוּבֵן חֲנוֹךְ מִשְׁפַּחַת הַחֲנֹכִי לְפַלּוּא מִשְׁפַּחַת
הַפַּלֻּאִי׃ לְחֶצְרֹן מִשְׁפַּחַת הַחֶצְרוֹנִי לְכַרְמִי מִשְׁפַּחַת 6
הַכַּרְמִי׃ אֵלֶּה מִשְׁפְּחֹת הָרֻאוּבֵנִי וַיִּהְיוּ פְקֻדֵיהֶם שְׁלֹשָׁה 7
וְאַרְבָּעִים אֶלֶף וּשְׁבַע מֵאוֹת וּשְׁלֹשִׁים׃ וּבְנֵי פַלּוּא אֱלִיאָב׃ 8
וּבְנֵי אֱלִיאָב נְמוּאֵל וְדָתָן וַאֲבִירָם הוּא־דָתָן וַאֲבִירָם קְרוּאֵי 9
הָעֵדָה אֲשֶׁר הִצּוּ עַל־מֹשֶׁה וְעַל־אַהֲרֹן בַּעֲדַת־קֹרַח
בְּהַצֹּתָם עַל־יְהוָה׃ וַתִּפְתַּח הָאָרֶץ אֶת־פִּיהָ וַתִּבְלַע אֹתָם י
וְאֶת־קֹרַח בְּמוֹת הָעֵדָה בַּאֲכֹל הָאֵשׁ אֵת חֲמִשִּׁים וּמָאתַיִם
אִישׁ וַיִּהְיוּ לְנֵס׃ וּבְנֵי־קֹרַח לֹא־מֵתוּ׃ ס בְּנֵי שִׁמְעוֹן 11 12
לְמִשְׁפְּחֹתָם לִנְמוּאֵל מִשְׁפַּחַת הַנְּמוּאֵלִי לְיָמִין מִשְׁפַּחַת
הַיָּמִינִי לְיָכִין מִשְׁפַּחַת הַיָּכִינִי׃ לְזֶרַח מִשְׁפַּחַת הַזַּרְחִי 13
לְשָׁאוּל מִשְׁפַּחַת הַשָּׁאוּלִי׃ אֵלֶּה מִשְׁפְּחֹת הַשִּׁמְעֹנִי שְׁנַיִם 14
וְעֶשְׂרִים אֶלֶף וּמָאתָיִם׃ ס בְּנֵי גָד לְמִשְׁפְּחֹתָם לִצְפוֹן טו
מִשְׁפַּחַת הַצְּפוֹנִי לְחַגִּי מִשְׁפַּחַת הַחַגִּי לְשׁוּנִי מִשְׁפַּחַת
הַשּׁוּנִי׃ לְאָזְנִי מִשְׁפַּחַת הָאָזְנִי לְעֵרִי מִשְׁפַּחַת הָעֵרִי׃ 16
לַאֲרוֹד מִשְׁפַּחַת הָאֲרוֹדִי לְאַרְאֵלִי מִשְׁפַּחַת הָאַרְאֵלִי׃ 17

16 אוּנְד גָאט הָאט גֶערֶעט צוּ מֹשֶׁה אַזוֹי
צוּ זָאגֶען: 17 בֶּעדְרֶענְג דִיא מִדְיָנִים
אוּנְד דֶערְשְׁלָאג זַייא: 18 וָוארִין זַייא
הָאבֶּען אַייךְ בֶּעדְרֶענְגְט דוּרְךְ זַיירֶע
שְׁלֶעכְטִיגְקַייטֶען וָואס זַייא הָאבֶען וֶועגֶען
אַייךְ אוֹיסְגֶעטְרַאכְט, וֶועגֶען דֶער זַאךְ
פוּן פְּעוֹר, אוּנְד וֶועגֶען דֶער זַאךְ
פוּן כָּזְבִּי דִיא טָאכְטֶער פוּן דֶעם נָשִׂיא
פוּן מִדְיָן, זַיירֶע שְׁוֶועסְטֶער וָואס אִיז
דֶערְשְׁלָאגֶען גֶעוָוארֶען אִין דֶעם טָאג פוּן
דֶער מַגֵּפָה וֶועגֶען דֶער זַאךְ פוּן פְּעוֹר:
19 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען נָאךְ דֶער
מַגֵּפָה:

## קאפיטעל כו

1 אוּנְד גָאט הָאט גֶעזָאגְט צוּ אֶלְעָזָר
זוּהְן פוּן אַהֲרֹן הַכֹּהֵן אַזוֹי צוּ זָאגֶען:
2 נֶעם אוֹיף דִיא הוֹיפְּטְצָאל פוּן דֶער
גַאנְצֶער גֶעמֵיינְדֶע פוּן דִיא קִינְדֶער
יִשְׂרָאֵל, פוּן צְוַואנְצִיג יָאהְר אַלְט אוּנְד
דַארִיבֶּער, נָאךְ דֶעם הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן זַיירֶע
פֶעטֶער, אִיטְלִיכֶער וָואס גֵייט אַרוֹיס צוּ
דֶער מִלְחָמָה אִין יִשְׂרָאֵל: 3 אוּנְד מֹשֶׁה
אוּנְד אֶלְעָזָר הַכֹּהֵן הָאבֶען מִיט זַייא גֶערֶעט אִין דֶעם פְּלוֹין פוּן מוֹאָב, בַּייא
דֶעם יַרְדֵּן פוּן יְרֵחוֹ, אַזוֹי צוּ זָאגֶען: 4 פוּן צְוַואנְצִיג יָאהְר אַלְט אָן אוּנְד דְרִיבֶּער,
אַזוֹי וִוִיא גָאט הָאט גֶעבָּאטֶען מֹשֶׁה אוּנְד דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל, וָואס זֶענֶען אַרוֹיסְגֶע־
גַאנְגֶען אוֹיס דֶעם לַאנְד מִצְרָיִם: 5 רְאוּבֵן דֶער בְּכוֹר פוּן יִשְׂרָאֵל; דִיא זִיהְן פוּן
רְאוּבֵן חֲנוֹךְ, פוּן אִיהְם אִיז אַרוֹיסְגֶעקוּמֶען דִיא מִשְׁפָּחָה פוּן חֲנֹכִי, פוּן פַלּוּא אִיז
אַרוֹיסְגֶעקוּמֶען דִיא מִשְׁפָּחָה פוּן דֶעם פַּלֻּאִי: 6 צוּ חֶצְרֹן דִיא מִשְׁפָּחָה פוּן חֶצְרוֹנִי,
צוּ כַּרְמִי דִיא מִשְׁפָּחָה פוּן כַּרְמִי: 7 דִיא דָאזִיגֶע זֶענֶען דִיא מִשְׁפָּחֹת פוּן רְאוּבְנִי, אוּנְד
זַיירֶע גֶעצֵיילְטֶע זֶענֶען גֶעוֶועזֶען דְרַייא אוּנְד פִירְצִיג טוֹיזֶענְד זִיבֶּען הוּנְדֶערְט אוּנְד
דְרַייסִיג: 8 אוּנְד דִיא זִיהְן פוּן פַלּוּא אֱלִיאָב: 9 אוּנְד דִיא זִיהְן פוּן אֱלִיאָב, נְמוּאֵל אוּנְד
דָתָן אוּנְד אֲבִירָם, דָאס זֶענֶען דָתָן אוּנְד אֲבִירָם, דִיא בֶּערוּפֶענֶע פוּן דִיא גֶעמֵיינְדֶע,
וָואס הָאבֶּען גֶעקְרִיגְט קֶעגֶען מֹשֶׁה אוּנְד קֶעגֶען אַהֲרֹן אִין דִיא גֶעמֵיינְדֶע פוּן קֹרַח וֶוען
זַייא הָאבֶען גֶעקְרִיגְט מִיט גָאט: 10 אוּנְד דִיא עֶרְד הָאט אוֹיפְגֶעמַאכְט אִיהְר מוֹיל אוּנְד
הָאט אַיינְגֶעשְׁלוּנְגֶען זַייא אוּנְד קֹרַח, וֶוען דִיא גֶעמֵיינְדֶע אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען, אַזוֹי הָאט
דָאס פַייעֶר פֶערְצֶעהְרְט דִיא צְוַויא הוּנְדֶערְט אוּנְד פוּפְצִיג מַאן, אוּנְד עֶס אִיז
גֶעוֶועזֶען צוּ אַיין צֵייכֶען: 11 אוּנְד דִיא זִיהְן פוּן קֹרַח זֶענֶען נִיט גֶעשְׁטָארְבֶּען:
12 דִיא זִיהְן פוּן שִׁמְעוֹן צוּ זַיירֶע מִשְׁפָּחֹת, צוּ נְמוּאֵל דִיא מִשְׁפָּחָה פוּן נְמוּאֵלִי,
צוּ יָמִין, דִיא מִשְׁפָּחָה פוּן דֶעם יָמִינִי, צוּ יָכִין דִיא מִשְׁפָּחָה פוּן יָכִינִי: 13 צוּ
זֶרַח דִיא מִשְׁפָּחָה פוּן זַרְחִי, צוּ שָׁאוּל דִיא מִשְׁפָּחָה פוּן שָׁאוּלִי: 14 דָאס
זֶענֶען דִיא מִשְׁפָּחֹת פוּן שִׁמְעֹנִי, צְוַויא אוּנְד צְוַואנְצִיג טוֹיזֶענְד אוּנְד צְוַויא
הוּנְדֶערְט: 15 דִיא זִיהְן פוּן גָד צוּ זַיירֶע מִשְׁפָּחֹת, צוּ צְפוֹן דִיא מִשְׁפָּחָה
פוּן צְפוֹנִי, צוּ חַגִּי דִיא מִשְׁפָּחָה פוּן חַגִּי, צוּ שׁוּנִי דִיא מִשְׁפָּחָה פוּן שׁוּנִי:
16 צוּ אָזְנִי דִיא מִשְׁפָּחָה פוּן אָזְנִי, צוּ עֵרִי דִיא מִשְׁפָּחָה פוּן עֵרִי: 17 צוּ
אֲרוֹד דִיא מִשְׁפָּחָה פוּן אֲרוֹדִי, צוּ אַרְאֵלִי דִיא מִשְׁפָּחָה פוּן אַרְאֵלִי:

18 אֵ֛לֶּה מִשְׁפְּחֹ֥ת בְּנֵי־גָ֖ד לִפְקֻֽדֵיהֶ֑ם אַרְבָּעִ֥ים אֶ֖לֶף וַחֲמֵ֥שׁ
19 מֵאֽוֹת׃ ס בְּנֵ֥י יְהוּדָ֖ה עֵ֣ר וְאוֹנָ֑ן וַיָּ֛מָת עֵ֥ר וְאוֹנָ֖ן בְּאֶ֥רֶץ
כ כְּנָֽעַן׃ וַיִּהְי֣וּ בְנֵי־יְהוּדָה֮ לְמִשְׁפְּחֹתָם֒ לְשֵׁלָ֗ה מִשְׁפַּ֙חַת֙
הַשֵּׁ֣לָנִ֔י לְפֶ֕רֶץ מִשְׁפַּ֖חַת הַפַּרְצִ֑י לְזֶ֕רַח מִשְׁפַּ֖חַת הַזַּרְחִֽי׃
21 וַיִּהְי֣וּ בְנֵי־פֶ֔רֶץ לְחֶ֕צְרֹ֕ן מִשְׁפַּ֖חַת הַֽחֶצְרֹנִ֑י לְחָמ֕וּל מִשְׁפַּ֖חַת
22 הֶחָמוּלִֽי׃ אֵ֛לֶּה מִשְׁפְּחֹ֥ת יְהוּדָ֖ה לִפְקֻֽדֵיהֶ֑ם שִׁשָּׁ֧ה וְשִׁבְעִ֛ים
23 אֶ֖לֶף וַחֲמֵ֥שׁ מֵאֽוֹת׃ ס בְּנֵ֤י יִשָּׂשכָר֙ לְמִשְׁפְּחֹתָ֔ם תּוֹלָ֕ע
24 מִשְׁפַּ֖חַת הַתּוֹלָעִ֑י לְפֻוָּ֕ה מִשְׁפַּ֖חַת הַפּוּנִֽי׃ לְיָשׁ֕וּב מִשְׁפַּ֖חַת
כה הַיָּֽשֻׁבִ֑י לְשִׁמְרֹ֕ן מִשְׁפַּ֖חַת הַשִּׁמְרֹנִֽי׃ אֵ֛לֶּה מִשְׁפְּחֹ֥ת יִשָּׂשכָ֖ר
26 לִפְקֻֽדֵיהֶ֑ם אַרְבָּעָ֧ה וְשִׁשִּׁ֛ים אֶ֖לֶף וּשְׁלֹ֥שׁ מֵאֽוֹת׃ ס בְּנֵ֣י
זְבוּלֻן֮ לְמִשְׁפְּחֹתָם֒ לְסֶ֗רֶד מִשְׁפַּ֙חַת֙ הַסַּרְדִּ֔י לְאֵל֕וֹן מִשְׁפַּ֖חַת
27 הָאֵלֹנִ֑י לְיַ֨חְלְאֵ֔ל מִשְׁפַּ֖חַת הַיַּחְלְאֵלִֽי׃ אֵ֛לֶּה מִשְׁפְּחֹ֥ת
28 הַזְּבוּלֹנִ֖י לִפְקֻֽדֵיהֶ֑ם שִׁשִּׁ֥ים אֶ֖לֶף וַחֲמֵ֥שׁ מֵאֽוֹת׃ ס בְּנֵ֥י
29 יוֹסֵ֖ף לְמִשְׁפְּחֹתָ֑ם מְנַשֶּׁ֖ה וְאֶפְרָֽיִם׃ בְּנֵ֣י מְנַשֶּׁ֗ה לְמָכִיר֙
מִשְׁפַּ֣חַת הַמָּכִירִ֔י וּמָכִ֖יר הוֹלִ֣יד אֶת־גִּלְעָ֑ד לְגִלְעָ֕ד מִשְׁפַּ֖חַת
ל הַגִּלְעָדִֽי׃ אֵ֚לֶּה בְּנֵ֣י גִלְעָ֔ד אִיעֶ֕זֶר מִשְׁפַּ֖חַת הָאִֽיעֶזְרִ֑י לְחֵ֕לֶק
31 מִשְׁפַּ֖חַת הַֽחֶלְקִֽי׃ וְאַ֨שְׂרִיאֵ֔ל מִשְׁפַּ֖חַת הָֽאַשְׂרְאֵלִ֑י וְשֶׁ֕כֶם
32 מִשְׁפַּ֖חַת הַשִּׁכְמִֽי׃ וּשְׁמִידָ֕ע מִשְׁפַּ֖חַת הַשְּׁמִידָעִ֑י וְחֵ֕פֶר
33 מִשְׁפַּ֖חַת הַֽחֶפְרִֽי׃ וּצְלָפְחָ֣ד בֶּן־חֵ֗פֶר לֹא־הָ֥יוּ ל֛וֹ בָּנִ֖ים כִּ֣י
אִם־בָּנ֑וֹת וְשֵׁם֙ בְּנ֣וֹת צְלָפְחָ֔ד מַחְלָ֣ה וְנֹעָ֔ה חָגְלָ֥ה מִלְכָּ֖ה
34 וְתִרְצָֽה׃ אֵ֖לֶּה מִשְׁפְּחֹ֣ת מְנַשֶּׁ֑ה וּפְקֻ֣דֵיהֶ֔ם שְׁנַ֧יִם וַחֲמִשִּׁ֛ים
לה אֶ֖לֶף וּשְׁבַ֥ע מֵאֽוֹת׃ ס אֵ֣לֶּה בְנֵֽי־אֶפְרַ֮יִם֮ לְמִשְׁפְּחֹתָם֒
לְשׁוּתֶ֗לַח מִשְׁפַּ֙חַת֙ הַשֻּׁ֣תַלְחִ֔י לְבֶ֕כֶר מִשְׁפַּ֖חַת הַבַּכְרִ֑י
36 לְתַ֕חַן מִשְׁפַּ֖חַת הַתַּחֲנִֽי׃ וְאֵ֖לֶּה בְּנֵ֣י שׁוּתָ֑לַח לְעֵרָ֕ן מִשְׁפַּ֖חַת
37 הָעֵרָנִֽי׃ אֵ֣לֶּה מִשְׁפְּחֹ֤ת בְּנֵֽי־אֶפְרַ֙יִם֙ לִפְקֻ֣דֵיהֶ֔ם שְׁנַ֧יִם
וּשְׁלֹשִׁ֛ים אֶ֖לֶף וַחֲמֵ֣שׁ מֵא֑וֹת אֵ֥לֶּה בְנֵֽי־יוֹסֵ֖ף לְמִשְׁפְּחֹתָֽם׃ ס
38 בְּנֵ֣י בִנְיָמִן֮ לְמִשְׁפְּחֹתָם֒ לְבֶ֗לַע מִשְׁפַּ֙חַת֙ הַבַּ֣לְעִ֔י לְאַשְׁבֵּ֕ל
39 מִשְׁפַּ֖חַת הָֽאַשְׁבֵּלִ֑י לַאֲחִירָ֕ם מִשְׁפַּ֖חַת הָאֲחִירָמִֽי׃ לִשְׁפוּפָ֕ם

18 דָאס זֶענֶען דִיא מִשְׁפָּחוֹת פוּן דִיא
זִיהְן פוּן גָד צוּ זֵייעֶרע גֶעצֵיילְטֶע, פֶערְצִיג
טוֹיזֶענְד אוּנְד פִינְף הוּנְדֶערְט: 19 דִיא
זִיהְן פוּן יְהוּדָה, עֵר אוּנְד אוֹנָן, װֶעלְכֶע
זֶענֶען גֶעשְׁטָארְבֶּען אִין דֶעם לַאנְד כְּנָעַן:
20 אוּנְד דִיא זִיהְן פוּן יְהוּדָה זֶענֶען
גֶעװֶעזֶען צוּ זֵייעֶרע מִשְׁפָּחוֹת, צוּ שֵׁלָה
דִיא מִשְׁפָּחָה פוּן שֵׁלָנִי, צוּ פֶּרֶץ דִיא
מִשְׁפָּחָה פוּן פַּרְצִי, צוּ זֶרַח דִיא מִשְׁפָּחָה
פוּן זַרְחִי: 21 אוּנְד דִיא זִיהְן פוּן פֶּרֶץ
זֶענֶען גֶעװֶעזֶען, צוּ חֶצְרוֹן דִיא מִשְׁפָּחָה
פוּן חֶצְרוֹנִי, צוּ חָמוּל דִיא מִשְׁפָּחָה פוּן
חָמוּלִי: 22 דָאס זֶענֶען דִיא מִשְׁפָּחוֹת
פוּן יְהוּדָה צוּ זֵייעֶרע גֶעצֵיילְטֶע, זֶעקְס
אוּנְד זִיבֶּעצִיג טוֹיזֶענְד אוּנְד פִינְף הוּנְ־
דֶערְט: 23 דִיא זִיהְן פוּן יִשָּׂשכָר צוּ
זֵייעֶרע מִשְׁפָּחוֹת, תּוֹלָע דִיא מִשְׁפָּחָה פוּן
תּוֹלָעִי, צוּ פֻּוָה דִיא מִשְׁפָּחָה פוּן פּוּנִי:
24 צוּ יָשׁוּב דִיא מִשְׁפָּחָה פוּן יָשֻׁבִי, צוּ
שִׁמְרוֹן דִיא מִשְׁפָּחָה פוּן שִׁמְרוֹנִי: 25 דָאס
זֶענֶען דִיא מִשְׁפָּחוֹת פוּן יִשָּׂשכָר צוּ זֵייעֶרע
גֶעצֵיילְטֶע, פִיעֶר אוּנְד זֶעכְצִיג טוֹיזֶענְד
אוּנְד דְרֵייא הוּנְדֶערְט: 26 דִיא זִיהְן פוּן זְבוּלֻן צוּ זֵייעֶרע מִשְׁפָּחוֹת, צוּ סֶרֶד דִיא
מִשְׁפָּחָה פוּן סַרְדִי, צוּ אֵילוֹן דִיא מִשְׁפָּחָה פוּן אֵילוֹנִי, צוּ יַחְלְאֵל דִיא מִשְׁפָּחָה פוּן
יַחְלְאֵלִי: 27 דָאס זֶענֶען דִיא מִשְׁפָּחוֹת פוּן זְבוּלוֹנִי צוּ זֵייעֶרע גֶעצֵיילְטֶע, זֶעכְצִיג
טוֹיזֶענְד אוּנְד פִינְף הוּנְדֶערְט: 28 דִיא זִיהְן פוּן יוֹסֵף צוּ זֵייעֶרע מִשְׁפָּחוֹת, מְנַשֶּׁה אוּנְד
אֶפְרָיִם: 29 דִיא זִיהְן פוּן מְנַשֶּׁה, צוּ מָכִיר דִיא מִשְׁפָּחָה פוּן מָכִירִי, אוּנְד מָכִיר הָאט
גֶעבּוֹירֶען גִלְעָד, אוּנְד צוּ גִלְעָד דִיא מִשְׁפָּחָה פוּן גִלְעָדִי: 30 דִיא דָאזִיגֶע זֶענֶען דִיא
זִיהְן פוּן גִלְעָד, אִיעֶזֶר דִיא מִשְׁפָּחָה פוּן אִיעֶזְרִי, צוּ חֵלֶק דִיא מִשְׁפָּחָה פוּן חֶלְקִי:
31 אוּנְד אַשְׂרִיאֵל דִיא מִשְׁפָּחָה פוּן אַשְׂרִיאֵלִי, אוּנְד שֶׁכֶם פוּן דֶער מִשְׁפָּחָה פוּן שִׁכְמִי:
32 אוּנְד שְׁמִידָע פוּן דֶער מִשְׁפָּחָה פוּן שְׁמִידָעִי, אוּנְד חֵפֶר פוּן דֶער מִשְׁפָּחָה פוּן
חֶפְרִי: 33 אוּנְד צְלָפְחָד דֶער זוּהְן פוּן חֵפֶר הָאט נִיט גֶעהַאט קֵיינֶע זִיהְן, נֵייעֶרְט
טֶעכְטֶער, אוּנְד דִיא נֶעמֶען פוּן דִיא טֶעכְטֶער פוּן צְלָפְחָד, װַארֶען מַחְלָה, אוּנְד נֹעָה
אוּנְד חָגְלָה, אוּנְד מִלְכָּה אוּנְד תִרְצָה: 34 דִיא דָאזִיגֶע זֶענֶען דִיא מִשְׁפָּחוֹת פוּן מְנַשֶּׁה,
אוּנְד זֵייעֶרע גֶעצֵיילְטֶע װַארֶען צְװֵייא אוּנְד פוּפְצִיג טוֹיזֶענְד אוּנְד זִיבֶּען הוּנְדֶערְט:
35 דִיא דָאזִיגֶע זֶענֶען דִיא זִיהְן פוּן אֶפְרָיִם צוּ זֵייעֶרע מִשְׁפָּחוֹת, צוּ שׁוּתֶלַח דִיא מִשְׁפָּחָה
פוּן שֻׁתַלְחִי, צוּ בֶּכֶר דִיא מִשְׁפָּחָה פוּן בַּכְרִי, תַּחַן דִיא מִשְׁפָּחָה פוּן תַּחֲנִי: 36 אוּנְד
דִיא דָאזִיגֶע זֶענֶען דִיא זִיהְן פוּן שׁוּתָלַח, צוּ עֵרָן, דִיא מִשְׁפָּחָה פוּן עֵרָנִי: 37 דִיא
דָאזִיגֶע זֶענֶען דִיא מִשְׁפְּחוֹת פוּן דִיא זִיהְן אֶפְרַיִם, צוּ זֵייעֶרע גֶעצֵיילְטֶע, צְװֵייא אוּנְד
דְרֵייסִיג טוֹיזֶענְד אוּנְד פִינְף הוּנְדֶערְט, דִיא דָאזִיגֶע זֶענֶען דִיא זִיהְן פוּן יוֹסֵף צוּ זֵייעֶרע
מִשְׁפָּחוֹת: 38 דִיא זִיהְן פוּן בִּנְיָמִן צוּ זֵייעֶרע מִשְׁפָּחוֹת, צוּ בֶּלַע, דִיא מִשְׁפָּחָה פוּן בַּלְעִי,
צוּ אַשְׁבֵּל דִיא מִשְׁפָּחָה פוּן אַשְׁבֵּלִי, צוּ אֲחִירָם דִיא מִשְׁפָּחָה פוּן אֲחִירָמִי: 39 צוּ שְׁפוּפָם

דִיא מִשְׁפָּחָה פוּן שׁוּפָמִי, צוּ חוּפָם דִיא מִשְׁפָּחָה פוּן חוּפָמִי: 40 אוּנְד עֶס זֶענֶען גֶעוֶועזֶען דִיא זִיהְן פוּן בֶּלַע, אַרְדְ אוּנְד נַעֲמָן, דִיא מִשְׁפָּחָה פוּן אַרְדִי, צוּ נַעֲמָן דִיא מִשְׁפָּחָה פוּן נַעֲמִי: 41 דִיא דָאזִיגֶע זֶענֶען דִיא זִיהְן פוּן בִּנְיָמִן צוּ זֵיירֶע מִשְׁפָּחוֹת, אוּנְד זֵיירֶע גֶעצֵיילְטֶע פִינְף אוּנְד פֶערְצִיג טוֹיזֶענְד אוּנְד זֶעקְס הוּנְדֶערְט: 42 דִיא דָאזִיגֶע זֶענֶען דִיא זִיהְן פוּן דָן צוּ זֵיירֶע מִשְׁפָּחוֹת, צוּ שׁוּחָם דִיא מִשְׁפָּחָה פוּן שׁוּחָמִי, דִיא דָאזִיגֶע זֶענֶען דִיא מִשְׁפָּחוֹת פוּן דָן צוּ זֵיירֶע מִשְׁפָּחוֹת: 43 אַלֶע מִשְׁפָּחוֹת פוּן דֶעם שׁוּחָמִי צוּ זֵיירֶע גֶעצֵיילְטֶע, פִיעֶר אוּנְד זֶעכְצִיג טוֹיזֶענְד אוּנְד פִיעֶר הוּנְדֶערְט: 44 דִיא זִיהְן פוּן אָשֵׁר צוּ זֵיירֶע מִשְׁפָּחוֹת, צוּ יִמְנָה דִיא מִשְׁפָּחָה פוּן יִמְנָה, צוּ יִשְׁוִי דִיא מִשְׁפָּחָה פוּן יִשְׁוִי, צוּ בְּרִיעָה דִיא מִשְׁפָּחָה פוּן בְּרִיעִי: 45 צוּ דִיא זִיהְן פוּן בְּרִיעָה, צוּ חֶבֶר דִיא מִשְׁפָּחָה פוּן חֶבְרִי, צוּ מַלְכִּיאֵל דִיא מִשְׁפָּחָה פוּן מַלְכִּיאֵלִי: 46 אוּנְד דֶער נָאמֶען פוּן דִיא טָאכְטֶער פוּן אָשֵׁר, וַואר שָׂרַח: 47 דִיא דָאזִיגֶע זֶענֶען דִיא מִשְׁפָּחוֹת פוּן דִיא זִיהְן פוּן אָשֵׁר צוּ זֵיירֶע גֶעצֵיילְטֶע, דְרֵייא אוּנְד פוּפְצִיג טוֹיזֶענְד אוּנְד פִיעֶר הוּנְדֶערְט: 48 דִיא זִיהְן פוּן נַפְתָּלִי צוּ זֵיירֶע מִשְׁפָּחוֹת, צוּ יַחְצְאֵל דִיא מִשְׁפָּחָה פוּן יַחְצְאֵלִי, צוּ גוּנִי דִיא מִשְׁפָּחָה פוּן גוּנִי: 49 צוּ יֵצֶר דִיא מִשְׁפָּחָה פוּן יִצְרִי, צוּ שִׁלֵּם דִיא מִשְׁפָּחָה פוּן שִׁלֵּמִי: 50 דִיא דָאזִיגֶע זֶענֶען דִיא מִשְׁפָּחוֹת פוּן נַפְתָּלִי צוּ זֵיירֶע מִשְׁפָּחוֹת, אוּנְד זֵיירֶע גֶעצֵיילְטֶע פִינְף אוּנְד פֶערְצִיג טוֹיזֶענְד אוּנְד פִיעֶר הוּנְדֶערְט: 51 דִיא דָאזִיגֶע זֶענֶען דִיא גֶעצֵיילְטֶע פוּן דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל, זֶעקְס הוּנְדֶערְט טוֹיזֶענְד אוּנְד אֵיין טוֹיזֶענְד זִיבֶּען הוּנְדֶערְט אוּנְד דְרֵייסִיג:

52 אוּנְד גָאט הָאט גֶערֶעט צוּ מֹשֶׁה אַזוֹי צוּ זָאגֶען: 53 צוּ דִיא דָאזִיגֶע זָאל דָאס לַאנְד צוּטֵיילְט וֶוערֶען אַלְס עֶרְבְּטֵייל, נָאךְ דֶער צָאל פוּן זֵיירֶע נֶעמֶען: 54 דֶער וָואס הָאט פִיל (לֵייט) צוּ דֶעם זָאלְסְט דוּא זֵיין עֶרְבְּטֵייל מֶעהְרֶען, אוּנְד צוּ דֶעם וָואס הָאט וֶוענִיג (לֵייט) צוּ דֶעם זָאלְסְט דוּא זֵיין עֶרְבְּטֵייל וֶוענִיג מַאכֶען; אִיטְלִיכֶען נָאךְ זֵיינֶע גֶע־צֵיילְטֶע זָאלְסְט דוּא גֶעבֶּען זֵיין עֶרְבְּטֵייל: 55 נָאר דוּרְךְ אַ גוֹרָל זָאל דָאס לַאנְד צוּטֵיילְט וֶוערֶען; נָאךְ דִיא נֶעמֶען פוּן דִיא שְׁבָטִים פוּן זֵיירֶע אָבוֹת זָאלֶען זֵייא עֶס עֶרְבֶּען (יַרְשְׁנְ'ן): 56 נָאךְ דֶעם גוֹרָל נָאךְ זָאלְסְט דוּא אוֹיסְטֵיילֶען זֵיין עֶרְבְּטֵייל, צְוִוישֶׁען פִיל אוּנְד וֶוענִיג: 57 אוּנד דִיא דָאזִיגֶע זֶענֶען דִיא גֶעצֵיילְטֶע פוּן לֵוִי, נָאךְ זֵיירֶע מִשְׁפָּחוֹת, פוּן גֵּרְשׁוֹן דִיא מִשְׁפָּחָה פוּן גֵּרְשֻׁנִּי; צוּ קְהָת דִיא מִשְׁפָּחָה פוּן קְהָתִי; צוּ מְרָרִי דִיא מִשְׁפָּחָה פוּן מְרָרִי: 58 דִיא דָאזִיגֶע זֶענֶען דִיא מִשְׁפָּחוֹת פוּן לֵוִי, דִיא מִשְׁפָּחָה פוּן לִבְנִי, דִיא מִשְׁפָּחָה פוּן חֶבְרוֹנִי, דִיא מִשְׁפָּחָה פוּן מַחְלִי, דִיא מִשְׁפָּחָה פוּן מוּשִׁי, דִיא מִשְׁפָּחָה פוּן קָרְחִי, אוּנְד קְהָת הָאט גֶעבּוֹירֶען דֶעם עַמְרָם: 59 אוּנְד דֶער נָאמֶען פוּן עַמְרָם'ס וַוייבּ וַואר יוֹכֶבֶד דִיא טָאכְטֶער פוּן לֵוִי, וָואס עֶר הָאט זִיא גֶע־בּוֹירֶען צוּ לֵוִי אִין מִצְרַיִם, אוּנְד זִיא הָאט גֶעבּוֹירֶען צוּ עַמְרָם אַהֲרֹן אוּנְד מֹשֶׁה אוּנְד מִרְיָם, זֵיירֶע שְׁוֶועסְטֶער: 60 אוּנְד אַהֲרֹן הָאט גֶעבּוֹירֶען נָדָב אוּנְד אֲבִיהוּא,

מִשְׁפַּחַת הַשּׁוּפָמִי לְחוּפָם מִשְׁפַּחַת הַחוּפָמִי: וַיִּהְיוּ בְנֵי־ מ
בֶלַע אַרְדְּ וְנַעֲמָן מִשְׁפַּחַת הָאַרְדִּי לְנַעֲמָן מִשְׁפַּחַת הַנַּעֲמִי:
41 אֵלֶּה בְנֵי־בִנְיָמִן לְמִשְׁפְּחֹתָם וּפְקֻדֵיהֶם חֲמִשָּׁה וְאַרְבָּעִים
42 אֶלֶף וְשֵׁשׁ מֵאוֹת: ס אֵלֶּה בְנֵי־דָן לְמִשְׁפְּחֹתָם לְשׁוּחָם
43 מִשְׁפַּחַת הַשּׁוּחָמִי אֵלֶּה מִשְׁפְּחֹת דָּן לְמִשְׁפְּחֹתָם: כָּל־
מִשְׁפְּחֹת הַשּׁוּחָמִי לִפְקֻדֵיהֶם אַרְבָּעָה וְשִׁשִּׁים אֶלֶף וְאַרְבַּע
44 מֵאוֹת: ס בְּנֵי אָשֵׁר לְמִשְׁפְּחֹתָם לְיִמְנָה מִשְׁפַּחַת
הַיִּמְנָה לְיִשְׁוִי מִשְׁפַּחַת הַיִּשְׁוִי לִבְרִיעָה מִשְׁפַּחַת הַבְּרִיעִי:
לִבְנֵי בְרִיעָה לְחֵבֶר מִשְׁפַּחַת הַחֶבְרִי לְמַלְכִּיאֵל מִשְׁפַּחַת מה
46 הַמַּלְכִּיאֵלִי: וְשֵׁם בַּת־אָשֵׁר שָׂרַח: אֵלֶּה מִשְׁפְּחֹת בְּנֵי־
47 אָשֵׁר לִפְקֻדֵיהֶם שְׁלֹשָׁה וַחֲמִשִּׁים אֶלֶף וְאַרְבַּע מֵאוֹת: ס
48 בְּנֵי נַפְתָּלִי לְמִשְׁפְּחֹתָם לְיַחְצְאֵל מִשְׁפַּחַת הַיַּחְצְאֵלִי לְגוּנִי
49 מִשְׁפַּחַת הַגּוּנִי: לְיֵצֶר מִשְׁפַּחַת הַיִּצְרִי לְשִׁלֵּם מִשְׁפַּחַת
הַשִּׁלֵּמִי: אֵלֶּה מִשְׁפְּחֹת נַפְתָּלִי לְמִשְׁפְּחֹתָם וּפְקֻדֵיהֶם נ
51 חֲמִשָּׁה וְאַרְבָּעִים אֶלֶף וְאַרְבַּע מֵאוֹת: אֵלֶּה פְּקוּדֵי בְּנֵי
יִשְׂרָאֵל שֵׁשׁ־מֵאוֹת אֶלֶף וָאָלֶף שְׁבַע מֵאוֹת וּשְׁלֹשִׁים: פ
52 וַיְדַבֵּר יְהוָה אֶל־מֹשֶׁה לֵּאמֹר: לָאֵלֶּה תֵּחָלֵק הָאָרֶץ
53 בְּנַחֲלָה בְּמִסְפַּר שֵׁמוֹת: לָרַב תַּרְבֶּה נַחֲלָתוֹ וְלַמְעַט
54 תַּמְעִיט נַחֲלָתוֹ אִישׁ לְפִי פְקֻדָיו יֻתַּן נַחֲלָתוֹ: אַךְ־בְּגוֹרָל נה
56 יֵחָלֵק אֶת־הָאָרֶץ לִשְׁמוֹת מַטּוֹת־אֲבֹתָם יִנְחָלוּ: עַל־פִּי
57 הַגּוֹרָל תֵּחָלֵק נַחֲלָתוֹ בֵּין רַב לִמְעָט: ס וְאֵלֶּה פְקוּדֵי
הַלֵּוִי לְמִשְׁפְּחֹתָם לְגֵרְשׁוֹן מִשְׁפַּחַת הַגֵּרְשֻׁנִּי לִקְהָת
58 מִשְׁפַּחַת הַקְּהָתִי לִמְרָרִי מִשְׁפַּחַת הַמְּרָרִי: אֵלֶּה | מִשְׁפְּחֹת
לֵוִי מִשְׁפַּחַת הַלִּבְנִי מִשְׁפַּחַת הַחֶבְרֹנִי מִשְׁפַּחַת הַמַּחְלִי
מִשְׁפַּחַת הַמּוּשִׁי מִשְׁפַּחַת הַקָּרְחִי וּקְהָת הוֹלִד אֶת־עַמְרָם:
59 וְשֵׁם | אֵשֶׁת עַמְרָם יוֹכֶבֶד בַּת־לֵוִי אֲשֶׁר יָלְדָה אֹתָהּ
לְלֵוִי בְּמִצְרָיִם וַתֵּלֶד לְעַמְרָם אֶת־אַהֲרֹן וְאֶת־מֹשֶׁה וְאֵת
מִרְיָם אֲחֹתָם: וַיִּוָּלֵד לְאַהֲרֹן אֶת־נָדָב וְאֶת־אֲבִיהוּא אֶת־ ס

אלעזר

61 אֶלְעָזָר וְאֶת־אִיתָמָר׃ וַיָּמָת נָדָב וַאֲבִיהוּא בְּהַקְרִיבָם
62 אֵשׁ־זָרָה לִפְנֵי יְהוָה׃ וַיִּהְיוּ פְקֻדֵיהֶם שְׁלֹשָׁה וְעֶשְׂרִים אֶלֶף
כָּל־זָכָר מִבֶּן־חֹדֶשׁ וָמָעְלָה כִּי ׀ לֹא הָתְפָּקְדוּ בְּתוֹךְ בְּנֵי
63 יִשְׂרָאֵל כִּי לֹא־נִתַּן לָהֶם נַחֲלָה בְּתוֹךְ בְּנֵי יִשְׂרָאֵל׃ אֵלֶּה
פְּקוּדֵי מֹשֶׁה וְאֶלְעָזָר הַכֹּהֵן אֲשֶׁר פָּקְדוּ אֶת־בְּנֵי יִשְׂרָאֵל
64 בְּעַרְבֹת מוֹאָב עַל יַרְדֵּן יְרֵחוֹ׃ וּבְאֵלֶּה לֹא־הָיָה אִישׁ
מִפְּקוּדֵי מֹשֶׁה וְאַהֲרֹן הַכֹּהֵן אֲשֶׁר פָּקְדוּ אֶת־בְּנֵי יִשְׂרָאֵל
סה בְּמִדְבַּר סִינָי׃ כִּי־אָמַר יְהוָה לָהֶם מוֹת יָמֻתוּ בַּמִּדְבָּר וְלֹא־
נוֹתַר מֵהֶם אִישׁ כִּי אִם־כָּלֵב בֶּן־יְפֻנֶּה וִיהוֹשֻׁעַ בִּן־נוּן׃ ס

כז

כז

א וַתִּקְרַבְנָה בְּנוֹת צְלָפְחָד בֶּן־חֵפֶר בֶּן־גִּלְעָד בֶּן־מָכִיר בֶּן־
מְנַשֶּׁה לְמִשְׁפְּחֹת מְנַשֶּׁה בֶן־יוֹסֵף וְאֵלֶּה שְׁמוֹת בְּנֹתָיו מַחְלָה
2 נֹעָה וְחָגְלָה וּמִלְכָּה וְתִרְצָה׃ וַתַּעֲמֹדְנָה לִפְנֵי מֹשֶׁה וְלִפְנֵי
אֶלְעָזָר הַכֹּהֵן וְלִפְנֵי הַנְּשִׂיאִם וְכָל־הָעֵדָה פֶּתַח אֹהֶל־מוֹעֵד
3 לֵאמֹר׃ אָבִינוּ מֵת בַּמִּדְבָּר וְהוּא לֹא־הָיָה בְּתוֹךְ הָעֵדָה
הַנּוֹעָדִים עַל־יְהוָה בַּעֲדַת־קֹרַח כִּי־בְחֶטְאוֹ מֵת וּבָנִים לֹא־
4 הָיוּ לוֹ׃ לָמָּה יִגָּרַע שֵׁם־אָבִינוּ מִתּוֹךְ מִשְׁפַּחְתּוֹ כִּי אֵין
ה לוֹ בֵּן תְּנָה־לָּנוּ אֲחֻזָּה בְּתוֹךְ אֲחֵי אָבִינוּ׃ וַיַּקְרֵב מֹשֶׁה אֶת־
מִשְׁפָּטָן לִפְנֵי יְהוָה׃ פ
6 7 וַיֹּאמֶר יְהוָה אֶל־מֹשֶׁה לֵּאמֹר׃ כֵּן בְּנוֹת צְלָפְחָד דֹּבְרֹת
נָתֹן תִּתֵּן לָהֶם אֲחֻזַּת נַחֲלָה בְּתוֹךְ אֲחֵי אֲבִיהֶם וְהַעֲבַרְתָּ
8 אֶת־נַחֲלַת אֲבִיהֶן לָהֶן׃ וְאֶל־בְּנֵי יִשְׂרָאֵל תְּדַבֵּר לֵאמֹר
אִישׁ כִּי־יָמוּת וּבֵן אֵין לוֹ וְהַעֲבַרְתֶּם אֶת־נַחֲלָתוֹ לְבִתּוֹ׃
9 וְאִם־אֵין לוֹ בַּת וּנְתַתֶּם אֶת־נַחֲלָתוֹ לְאֶחָיו׃ וְאִם־אֵין לוֹ
11 אַחִים וּנְתַתֶּם אֶת־נַחֲלָתוֹ לַאֲחֵי אָבִיו׃ וְאִם־אֵין אַחִים
לְאָבִיו וּנְתַתֶּם אֶת־נַחֲלָתוֹ לִשְׁאֵרוֹ הַקָּרֹב אֵלָיו מִמִּשְׁפַּחְתּוֹ

אֶלְעָזָר אוּנְד אִיתָמָר: 61 אוּנְד נָדָב אוּנְד אֲבִיהוּא זֶענֶען גֶעשְׁטָארְבֶּען וַוייל זֵייא הָאבֶּען גֶענֶעהְנְט פְרֶעמְדֶעס פֵייעֶר פַאר גָאט: 62 אוּנְד זֵייעֶרע גֶעצֵיילְטֶע זֶענֶען גֶעוֶועזֶען דְרֵייא אוּנְד צְוַואנְצִיג טוֹיזֶענְד, אַלֶע מַאנְספֶּערְזָאנֶען, וָואס הַארֶען פוּן אֵיין חוֹדֶשׁ אַלְט אָן אוּנְד דַארִיבֶּער, וָוארִין זֵייא זֶענֶען נִיט גֶעצֵיילְט גֶעוָוארֶען צְווִישֶׁען דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל, וַוייל עֶס אִיז צוּ זֵייא נִיט גֶעגֶעבֶּען גֶעוָוארֶען אֵיין עֶרְבְּטֵייל צְווִישֶׁען דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל: 63 דִיא דָאזִיגֶע זֶענֶען דִיא גֶעצֵיילְטֶע וָואס מֹשֶׁה אוּנְד אֶלְעָזָר הַכֹּהֵן הָאבֶּען גֶעצֵיילְט דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל אִין דֶעם פְלוֹין פוּן מוֹאָב, בֵּייא דֶעם יַרְדֵן יְרֵחוֹ: 64 אוּנְטֶער דִיא דָאזִיגֶע אִיז נִיט גֶעוֶועזֶען אַ מַאן פוּן דִיא גֶעצֵיילְטֶע וָואס מֹשֶׁה אוּנְד אַהֲרֹן הַכֹּהֵן הָאבֶּען גֶעצֵיילְט דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל אִין דֶער מִדְבָּר סִינָי: 65 וָוארִין גָאט הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט אַז זֵייא זָאלֶען אוֹיסְשְׁטַארְבֶּען אִין דֶער מִדְבָּר, אוּנְד עֶס אִיז פוּן זֵייא נִיט אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּען אַ מַאן נֵייעֶרְט נָאר כָּלֵב זוּהְן פוּן יְפֻנֶּה, אוּנְד יְהוֹשֻׁעַ זוּהְן פוּן נוּן:

## קַאפִּיטֶעל כז

1 אוּנְד עֶס הָאבֶּען זִיךְ גֶענֶעהְנְט דִיא טֶעכְטֶער פוּן צְלָפְחָד זוּהְן פוּן חֵפֶר, זוּהְן פוּן גִלְעָד, זוּהְן פוּן מָכִיר, זוּהְן פוּן מְנַשֶּׁה, פוּן דֶער מִשְׁפָּחָה פוּן מְנַשֶּׁה זוּהְן פוּן יוֹסֵף; אוּנְד דִיא דַאזִיגֶע זֶענֶען דִיא נֶעמֶען פוּן זֵיינֶע טֶעכְטֶער, מַחְלָה, נֹעָה אוּנְד חָגְלָה, אוּנְד מִלְכָּה אוּנְד תִּרְצָה: 2 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זִיךְ גֶעשְׁטֶעלְט פַאר מֹשֶׁה אוּנְד פַאר אֶלְעָזָר הַכֹּהֵן, אוּנְד פַאר דִיא נְשִׂיאִים אוּנְד דֶער גַאנְצֶען גֶעמֵיינְדֶע, אַן דֶער טִיר פוּן דֶעם אֹהֶל מוֹעֵד אַזוֹי צוּ זָאגֶען: 3 אוּנְזֶער פָאטֶער אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען אִין דֶער מִדְבָּר, אוּנְד עֶר אִיז נִיט גֶעוֶועזֶען צְווִישֶׁען דֶער גֶעמֵיינְדֶע וָואס הָאבֶּען זִיךְ פֶערְזַאמֶעלְט קֶעגֶען גָאט אִין דֶער עֵדָה פוּן קֹרַח, נֵייעֶרְט עֶר אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען אִין זֵיינֶע אֵייגֶענֶע זִינְד, אוּנְד עֶר הָאט נִיט גֶעהַאט קֵיינֶע זִיהְן: 4 פַארְוָואס זָאל דֶער נָאמֶען פוּן אוּנְזֶער פָאטֶער פֶעהְלֶען פוּן צְווִישֶׁען זֵיינֶע מִשְׁפָּחָה וַוייל עֶר הָאט נִיט גֶעהַאט קֵיינֶע זִיהְן? גֶעבּ אוּנְס אֵיין עֶרְבְּטֵייל צְווִישֶׁען דִיא בְּרִידֶער פוּן אוּנְזֶער פָאטֶער: 5 אוּנְד מֹשֶׁה הָאט גֶענֶעהְנְט זֵייעֶר מִשְׁפָּט פַאר גָאט:

6 אוּנְד גָאט הָאט גֶעזָאגְט צוּ מֹשֶׁה אַזוֹי צוּ זָאגֶען: 7 דִיא רֵייד פוּן דִיא טֶעכְטֶער פוּן צְלָפְחָד זֶענֶען רֶעכְט, דוּא זָאלְסְט צוּ זֵייא גֶעבֶּען אֵיין עֶרְבְּטֵייל צְווִישֶׁען דִיא בְּרִידֶער פוּן זֵייעֶר פָאטֶער; אוּנְד דוּא זָאלְסְט צוּ זֵייא אִיבֶּערְגֶעבֶּען דָאס עֶרְבְּטֵייל פוּן זֵייעֶר פָאטֶער: 8 אוּנְד צוּ דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל זָאלְסְט דוּא רֶעדֶען, אַזוֹ צוּ זָאגֶען. וֶוען אַ מַאן וֶועט שְׁטַארְבֶּען אוּנְד עֶר הָאט נִיט קֵיין זוּהְן, אַזוֹי זָאל זֵיין עֶרְבְּטֵייל אִיבֶּערְגֶעבֶּען וֶוערֶען צוּ זֵיינֶע טָאכְטֶער: 9 אוּנְד וֶוען עֶר הָאט קֵיינֶע טָאכְטֶער, אַזוֹי זָאל זֵיין עֶרְבְּטֵייל גֶעגֶעבֶּען וֶוערֶען צוּ זֵיינֶע בְּרִידֶער: 10 אוּנְד וֶוען עֶר הָאט קֵיינֶע בְּרִידֶער, אַזוֹי זָאל זֵיין עֶרְבְּטֵייל גֶעגֶעבֶּען וֶוערֶען צוּ דִיא בְּרִידֶער פוּן זֵיין פָאטֶער: 11 אוּנְד וֶוען זֵיין פָאטֶער הָאט קֵיינֶע בְּרִידֶער, אַזוֹי זָאלְט אִיהְר גֶעבֶּען זֵיין עֶרְבְּטֵייל צוּ זֵיין פֶערְוַואנְטֶען וָואס אִיז נָאהֶענְט צוּ אִיהְם פוּן זֵיינֶע מִשְׁפָּחָה,

אונד ער האט זיך אויסדערוויילט זיינע
קינדער נאך איהם, אונד ער האט דיך
ארויסגעבראכט פאר זיך מיט זיין גרויסען
כח אויס מצרים: 38 צו פערטרייבען
גרעסערע אונד שטארקערע פעלקער פון
דיר פאר דיין פנים, אונד דיך אריינצו־
ברענגען, אונד דיר צו געבען זייער
לאנד פאר א נחלה, וויא עס איז אין
דעם היינטיגען טאג: 39 אזוי זאלסט
דוא היינט וויסען, אונד דוא זאלסט ווי־
דערקערען צו דיין הארץ, וואָרין דער
האר ער איז דער גאט אים הימעל
אויבען, אונד אויף דער ערד אונטען,
עס איז קיין אנדערער פערהאנדען:
40 אונד דוא זאלסט היטען זיינע געזעץ
אונד זיינע מצות, וואס איך געביט
דיר היינט, אז עס זאל דיר גוט
זיין, אונד צו דיינע קינדער נאך דיר,
אונד אז דיינע טעג זאלען פערלענגערט
ווערען אויף דעם לאנד וואס דער
האר דיין גאט וועט דיר געבען אלע
צייטען:
41 דענסמאל האט משה אפגעשייט
דרייא שטעט אן דיזער זייט פון ירדן
וואו דיא זון גייט אויף: 42 כדי דער רוצח זאל דארט אהין אנטלויפען, דער
וואס וועט הרגענען זיין חבר אומוויסענטליך, אונד ער איז איהם ניט געוועזען קיין
שונא פון נעכטען אדער אייערנעכטען, אז ער זאל אנטלויפען צו איינע פון דיא
דאזיגע שטעט, אונד זאל לעבען בלייבען: 43 בצר אין דער מדבר, אין דעם
לאנד פון דעם פלוין, וואס געהערט צו ראובן; אונד ראמות אין גלעד, וואס
געהערט צו גד; אונד גולן אין בשן, וואס געהערט צו מנשה: 44 אונד דאס
איז דיא תורה וואס משה האט פארגעלייגט פאר דיא קינדער ישראל: 45 דאס
זענען דיא צייגניסע אונד דיא געזעץ אונד דיא משפטים וואס משה האט גע־
רעט צו דיא קינדער ישראל ווען זייא זענען ארויסגעגאנגען אויס מצרים:
46 אן דיזער זייט ירדן, אין דעם טאל, קעגענאיבער בית פעור, אין דעם
לאנד פון סיחון קעניג פון אמרי, וואס האט געוואוינט אין חשבון, וועלכען משה
אונד דיא קינדער ישראל האבען געשלאגען ווען זייא זענען ארויסגעגאנגען
אויס מצרים: 47 אונד זייא האבען גערירשת זיין לאנד, אונד דאס לאנד פון
עוג קעניג פון בשן, דיא צווייא מלכים פון דעם אמרי וואס איז אויף
יענער זייט ירדן, וואו דיא זון גייט אויף: 48 פון ערער, וואס איז
וויא דעם בארטען פון דעם טייך ארנן אונד ביז צו דעם בארג שיאן,
דאס איז חרמון: 49 אונד דעם גאנצען פלוין פון דיזער זייט ירדן, קעג־
גען מזרח־זייט, אונד ביז צום ים פון דעם פלוין אונטער דיא אויסגיסונג
פון דיא הייך:

## קאפיטעל ה

1 אונד משה האט גערופען צו גאנץ ישראל אונד ער האט צו זייא געזאגט, הערט צו
ישראל דיא געזעץ אונד דיא משפטים וואס איך רעד היינט אין אייערע אויערען, אונד
איהר זאלט זייא לערנען אונד איהר זאלט זייא היטען אונד טהון: 2 דער האר אונזער גאט

וַיִּבְחַר בְּזַרְעוֹ אַחֲרָיו וַיּוֹצִאֲךָ בְּפָנָיו בְּכֹחוֹ הַגָּדֹל מִמִּצְרָיִם׃
38 לְהוֹרִישׁ גּוֹיִם גְּדֹלִים וַעֲצֻמִים מִמְּךָ מִפָּנֶיךָ לַהֲבִיאֲךָ לָתֶת־
39 לְךָ אֶת־אַרְצָם נַחֲלָה כַּיּוֹם הַזֶּה׃ וְיָדַעְתָּ הַיּוֹם וַהֲשֵׁבֹתָ
אֶל־לְבָבֶךָ כִּי יְהוָה הוּא הָאֱלֹהִים בַּשָּׁמַיִם מִמַּעַל וְעַל־
מ הָאָרֶץ מִתָּחַת אֵין עוֹד׃ וְשָׁמַרְתָּ אֶת־חֻקָּיו וְאֶת־מִצְוֺתָיו
אֲשֶׁר אָנֹכִי מְצַוְּךָ הַיּוֹם אֲשֶׁר יִיטַב לְךָ וּלְבָנֶיךָ אַחֲרֶיךָ
וּלְמַעַן תַּאֲרִיךְ יָמִים עַל־הָאֲדָמָה אֲשֶׁר יְהוָה אֱלֹהֶיךָ נֹתֵן
לְךָ כָּל־הַיָּמִים׃ פ
41 אָז יַבְדִּיל מֹשֶׁה שָׁלֹשׁ עָרִים בְּעֵבֶר הַיַּרְדֵּן מִזְרְחָה שָׁמֶשׁ׃
42 לָנֻס שָׁמָּה רוֹצֵחַ אֲשֶׁר יִרְצַח אֶת־רֵעֵהוּ בִּבְלִי־דַעַת
וְהוּא לֹא־שֹׂנֵא לוֹ מִתְּמֹל שִׁלְשֹׁם וְנָס אֶל־אַחַת מִן־הֶעָרִים
43 הָאֵל וָחָי׃ אֶת־בֶּצֶר בַּמִּדְבָּר בְּאֶרֶץ הַמִּישֹׁר לָראוּבֵנִי
44 וְאֶת־רָאמֹת בַּגִּלְעָד לַגָּדִי וְאֶת־גּוֹלָן בַּבָּשָׁן לַמְנַשִּׁי׃ וְזֹאת
מה הַתּוֹרָה אֲשֶׁר־שָׂם מֹשֶׁה לִפְנֵי בְּנֵי יִשְׂרָאֵל׃ אֵלֶּה הָעֵדֹת
וְהַחֻקִּים וְהַמִּשְׁפָּטִים אֲשֶׁר דִּבֶּר מֹשֶׁה אֶל־בְּנֵי יִשְׂרָאֵל
46 בְּצֵאתָם מִמִּצְרָיִם׃ בְּעֵבֶר הַיַּרְדֵּן בַּגַּיְא מוּל בֵּית פְּעוֹר
בְּאֶרֶץ סִיחֹן מֶלֶךְ הָאֱמֹרִי אֲשֶׁר יוֹשֵׁב בְּחֶשְׁבּוֹן אֲשֶׁר
47 הִכָּה מֹשֶׁה וּבְנֵי יִשְׂרָאֵל בְּצֵאתָם מִמִּצְרָיִם׃ וַיִּירְשׁוּ
אֶת־אַרְצוֹ וְאֶת־אֶרֶץ ׀ עוֹג מֶלֶךְ־הַבָּשָׁן שְׁנֵי מַלְכֵי הָאֱמֹרִי
48 אֲשֶׁר בְּעֵבֶר הַיַּרְדֵּן מִזְרַח שָׁמֶשׁ׃ מֵעֲרֹעֵר אֲשֶׁר עַל־
49 שְׂפַת־נַחַל אַרְנֹן וְעַד־הַר שִׂיאֹן הוּא חֶרְמוֹן׃ וְכָל־
הָעֲרָבָה עֵבֶר הַיַּרְדֵּן מִזְרָחָה וְעַד יָם הָעֲרָבָה תַּחַת
אַשְׁדֹּת הַפִּסְגָּה׃ פ

ה

א וַיִּקְרָא מֹשֶׁה אֶל־כָּל־יִשְׂרָאֵל וַיֹּאמֶר אֲלֵהֶם שְׁמַע יִשְׂרָאֵל
אֶת־הַחֻקִּים וְאֶת־הַמִּשְׁפָּטִים אֲשֶׁר אָנֹכִי דֹּבֵר בְּאָזְנֵיכֶם
2 הַיּוֹם וּלְמַדְתֶּם אֹתָם וּשְׁמַרְתֶּם לַעֲשֹׂתָם׃ יְהוָה אֱלֹהֵינוּ

3 כָּרַת עִמָּנוּ בְּרִית בְּחֹרֵב׃ לֹא אֶת־אֲבֹתֵינוּ כָּרַת יְהוָה
אֶת־הַבְּרִית הַזֹּאת כִּי אִתָּנוּ אֲנַחְנוּ אֵלֶּה פֹה הַיּוֹם כֻּלָּנוּ
4 חַיִּים׃ פָּנִים ׀ בְּפָנִים דִּבֶּר יְהוָה עִמָּכֶם בָּהָר מִתּוֹךְ
ה הָאֵשׁ׃ אָנֹכִי עֹמֵד בֵּין־יְהוָה וּבֵינֵיכֶם בָּעֵת הַהִוא לְהַגִּיד
לָכֶם אֶת־דְּבַר יְהוָה כִּי יְרֵאתֶם מִפְּנֵי הָאֵשׁ וְלֹא־עֲלִיתֶם
6 בָהָר לֵאמֹר׃ ס אָנֹכִי יְהוָה אֱלֹהֶיךָ אֲשֶׁר הוֹצֵאתִיךָ
7 מֵאֶרֶץ מִצְרַיִם מִבֵּית עֲבָדִים׃ לֹא־יִהְיֶה לְךָ אֱלֹהִים
8 אֲחֵרִים עַל־פָּנָיַ׃ לֹא־תַעֲשֶׂה־לְךָ פֶסֶל ׀ כָּל־תְּמוּנָה אֲשֶׁר
בַּשָּׁמַיִם ׀ מִמַּעַל וַאֲשֶׁר בָּאָרֶץ מִתָּחַת וַאֲשֶׁר בַּמַּיִם ׀
9 מִתַּחַת לָאָרֶץ׃ לֹא־תִשְׁתַּחֲוֶה לָהֶם וְלֹא תָעָבְדֵם כִּי אָנֹכִי
יְהוָה אֱלֹהֶיךָ אֵל קַנָּא פֹּקֵד עֲוֺן אָבוֹת עַל־בָּנִים וְעַל־
י שִׁלֵּשִׁים וְעַל־רִבֵּעִים לְשֹׂנְאָי׃ וְעֹשֶׂה חֶסֶד לַאֲלָפִים
11 לְאֹהֲבַי וּלְשֹׁמְרֵי מִצְוֺתָו׃ ס לֹא תִשָּׂא אֶת־שֵׁם־יְהוָה
אֱלֹהֶיךָ לַשָּׁוְא כִּי לֹא יְנַקֶּה יְהוָה אֵת אֲשֶׁר־יִשָּׂא אֶת־שְׁמוֹ
12 לַשָּׁוְא׃ ס שָׁמוֹר אֶת־יוֹם הַשַּׁבָּת לְקַדְּשׁוֹ כַּאֲשֶׁר צִוְּךָ ׀
13 יְהוָה אֱלֹהֶיךָ׃ שֵׁשֶׁת יָמִים תַּעֲבֹד וְעָשִׂיתָ כָּל־מְלַאכְתֶּךָ׃
14 וְיוֹם הַשְּׁבִיעִי שַׁבָּת ׀ לַיהוָה אֱלֹהֶיךָ לֹא תַעֲשֶׂה כָל־
מְלָאכָה אַתָּה וּבִנְךָ־וּבִתֶּךָ וְעַבְדְּךָ־וַאֲמָתֶךָ וְשׁוֹרְךָ וַחֲמֹרְךָ
וְכָל־בְּהֶמְתֶּךָ וְגֵרְךָ אֲשֶׁר בִּשְׁעָרֶיךָ לְמַעַן יָנוּחַ עַבְדְּךָ
טו וַאֲמָתְךָ כָּמוֹךָ׃ וְזָכַרְתָּ כִּי־עֶבֶד הָיִיתָ ׀ בְּאֶרֶץ מִצְרַיִם
וַיֹּצִאֲךָ יְהוָה אֱלֹהֶיךָ מִשָּׁם בְּיָד חֲזָקָה וּבִזְרֹעַ נְטוּיָה עַל־
16 כֵּן צִוְּךָ יְהוָה אֱלֹהֶיךָ לַעֲשׂוֹת אֶת־יוֹם הַשַּׁבָּת׃ ס כַּבֵּד אֶת־
אָבִיךָ וְאֶת־אִמֶּךָ כַּאֲשֶׁר צִוְּךָ יְהוָה אֱלֹהֶיךָ לְמַעַן ׀ יַאֲרִיכֻן
יָמֶיךָ וּלְמַעַן יִיטַב לָךְ עַל הָאֲדָמָה אֲשֶׁר־יְהוָה אֱלֹהֶיךָ
17 נֹתֵן לָךְ׃ ס לֹא תִּרְצָח׃ ס וְלֹא תִּנְאָף׃ ס וְלֹא
18 תִּגְנֹב׃ ס וְלֹא־תַעֲנֶה בְרֵעֲךָ עֵד שָׁוְא׃ ס וְלֹא
תַחְמֹד אֵשֶׁת רֵעֶךָ ס וְלֹא תִתְאַוֶּה בֵּית רֵעֶךָ שָׂדֵהוּ

האט מיט אונס כּוֹרֵת בְּרִית געוועזען אין חֹרֵב: 3 ניט מיט אונזערע עלטערן אליין האט גאט געמאכט דעם דאזיגען בְּרִית, נייערט מיט אונס, מיר, דיא דאזיגע וואס זענען היינט דא; מיט אונס אלע וואס לעבען: 4 גאט האט מיט אייך גערעדט פָּנִים אֶל פָּנִים אויף דעם בארג פון צווישען דעם פייער:— 5 איך בין געשטאַנען צווישען גאט אונד אייך, אין דערזעלביגער צייט, אום אייך צו זאגען דאס ווארט פון גאט, ווארין איהר האט אייך געפארכטען פאר דעם פייער, אונד איהר זענט ניט ארויף געגאנגען אויף דעם בארג,—אזוי צו זאגען: 6 איך בין דער האר דיין גאט, וואס האט דיך ארויסגעבראכט אויס דעם לאנד מִצְרַיִם, פון דעם קנעכטהויז: 7 עס זאל צו דיר ניט זיין קיינע אנדערע געטער פאר מיין פָּנִים: 8 דוא זאלסט דיר ניט מאכען קיין געהויענעם בילד, קיין שום גלייכנים, וואס איז אויבען אין דעם הימעל אדער אונטען אויף דער ערד, אונד וואס איז אים וואסער אונטער דער ערד: 9 דוא זאלסט דיך ניט צו זייא ביקען, אונד דוא זאלסט זייא ניט דינען, ווארין איך בין דער האר דיין גאט וואס איז זיך נוקם, אונד טהוט געדענקען דיא זינד פון דיא עלטערן אויף דיא קינדער, אונד ביז צום דריטען אונד פירטען געשלעכט צו דיא וואס האבען מיך פיינד: 10 אונד וואס טהוט גנאד צו טויזענדע וואס ליבען מיך, אונד היטען מיינע מִצְוֺת: 11 דוא זאלסט ניט אויפנעמען (שווערען בייא) דעם נאמען פון דעם האר דיין גאט צו פאלשקייט, ווארין גאט וועט ניט אומשולדיג לאזען דעם וואס שווערט פאלש בייא זיין נאמען: 12 דוא זאלסט היטען דעם טאג פון שַׁבָּת איהם צו הייליגען, אזוי וויא דער האר דיין גאט האט דיר געבאטען: 13 זעקס טעג זאלסט דוא ארבייטען, אונד דוא זאלסט טהון אלע דיינע מְלָאכוֹת: 14 אונד דער זיבטער טאג זאל זיין שַׁבָּת צו דעם האר דיין גאט, דוא זאלסט ניט טהון קיין שום מְלָאכָה, (ניט) דוא, אונד דיין זוהן אונד דיינע טאכטער, דיין קנעכט אונד דיינע דינסט־מויד, דיין אקס אונד דיין אייזעל, אונד (קיינע פון) דיינע בְּהֵמוֹת, אונד דער גֵר וואס איז אין דיינע טויערען, אז דיין קנעכט אונד דיינע דינסט־מויד זאל רוהען אזוי וויא דוא: 15 אונד דוא זאלסט געדענקען אז דוא ביזט געוועזען א קנעכט אין דעם לאנד מִצְרַיִם, אונד דער האר דיין גאט האט דיך פון דארט ארויסגעצויגען מיט א שטארקע האנד אונד מיט אן אויסגעשטרעקטען ארעם, דארום האט דער האר דיין גאט דיר געבאטען צו האלטען דעם טאג פון שַׁבָּת: 16 דוא זאלסט עהרען דיין פאטער אונד דיינע מוטער, אזוי וויא דער האר דיין גאט האט דיר געבאטען, אז דיינע טעג זאלען זיך פערלענגערן, אונד עס זאל דיר גוט זיין אויף דעם לאנד וואס דער האר דיין גאט וועט דיר געבען: 17 דוא זאלסט ניט מארדען; אונד דוא זאלסט ניט מְזַנֶה זיין; אונד דוא זאלסט ניט גַנְבֶנען; אונד דוא זאלסט ניט פאלש עדות זאגען אויף דיין חַבֵר: 18 אונד דוא זאלסט ניט גלוסטען דאס ווייב פון דיין חַבֵר; אונד דוא זאלסט ניט גלוסטען דאס הויז פון דיין חַבֵר, זיין פעלד,

אדער

וְעַבְדּוֹ וַאֲמָתוֹ שׁוֹרוֹ וַחֲמֹרוֹ וְכֹל אֲשֶׁר לְרֵעֶךָ׃ ס אֶת־ 19
הַדְּבָרִים הָאֵלֶּה דִּבֶּר יְהוָה אֶל־כָּל־קְהַלְכֶם בָּהָר מִתּוֹךְ
הָאֵשׁ הֶעָנָן וְהָעֲרָפֶל קוֹל גָּדוֹל וְלֹא יָסָף וַיִּכְתְּבֵם עַל־
שְׁנֵי לֻחֹת אֲבָנִים וַיִּתְּנֵם אֵלָי׃ וַיְהִי כְּשָׁמְעֲכֶם אֶת־הַקּוֹל כ
מִתּוֹךְ הַחֹשֶׁךְ וְהָהָר בֹּעֵר בָּאֵשׁ וַתִּקְרְבוּן אֵלַי כָּל־רָאשֵׁי
שִׁבְטֵיכֶם וְזִקְנֵיכֶם׃ וַתֹּאמְרוּ הֵן הֶרְאָנוּ יְהוָה אֱלֹהֵינוּ 21
אֶת־כְּבֹדוֹ וְאֶת־גָּדְלוֹ וְאֶת־קֹלוֹ שָׁמַעְנוּ מִתּוֹךְ הָאֵשׁ הַיּוֹם
הַזֶּה רָאִינוּ כִּי־יְדַבֵּר אֱלֹהִים אֶת־הָאָדָם וָחָי׃ וְעַתָּה לָמָּה 22
נָמוּת כִּי תֹאכְלֵנוּ הָאֵשׁ הַגְּדֹלָה הַזֹּאת אִם־יֹסְפִים ׀ אֲנַחְנוּ
לִשְׁמֹעַ אֶת־קוֹל יְהוָה אֱלֹהֵינוּ עוֹד וָמָתְנוּ׃ כִּי מִי כָל־ 23
בָּשָׂר אֲשֶׁר שָׁמַע קוֹל אֱלֹהִים חַיִּים מְדַבֵּר מִתּוֹךְ־הָאֵשׁ
כָּמֹנוּ וַיֶּחִי׃ קְרַב אַתָּה וּשְׁמָע אֵת כָּל־אֲשֶׁר יֹאמַר יְהוָה 24
אֱלֹהֵינוּ וְאַתְּ ׀ תְּדַבֵּר אֵלֵינוּ אֵת כָּל־אֲשֶׁר יְדַבֵּר יְהוָה
אֱלֹהֵינוּ אֵלֶיךָ וְשָׁמַעְנוּ וְעָשִׂינוּ׃ וַיִּשְׁמַע יְהוָה אֶת־קוֹל כה
דִּבְרֵיכֶם בְּדַבֶּרְכֶם אֵלָי וַיֹּאמֶר יְהוָה אֵלַי שָׁמַעְתִּי אֶת־
קוֹל דִּבְרֵי הָעָם הַזֶּה אֲשֶׁר דִּבְּרוּ אֵלֶיךָ הֵיטִיבוּ כָּל־אֲשֶׁר
דִּבֵּרוּ׃ מִי־יִתֵּן וְהָיָה לְבָבָם זֶה לָהֶם לְיִרְאָה אֹתִי וְלִשְׁמֹר 26
אֶת־כָּל־מִצְוֺתַי כָּל־הַיָּמִים לְמַעַן יִיטַב לָהֶם וְלִבְנֵיהֶם
לְעֹלָם׃ לֵךְ אֱמֹר לָהֶם שׁוּבוּ לָכֶם לְאָהֳלֵיכֶם׃ וְאַתָּה פֹּה 27 28
עֲמֹד עִמָּדִי וַאֲדַבְּרָה אֵלֶיךָ אֵת כָּל־הַמִּצְוָה וְהַחֻקִּים
וְהַמִּשְׁפָּטִים אֲשֶׁר תְּלַמְּדֵם וְעָשׂוּ בָאָרֶץ אֲשֶׁר אָנֹכִי נֹתֵן
לָהֶם לְרִשְׁתָּהּ׃ וּשְׁמַרְתֶּם לַעֲשׂוֹת כַּאֲשֶׁר צִוָּה יְהוָה 29
אֱלֹהֵיכֶם אֶתְכֶם לֹא תָסֻרוּ יָמִין וּשְׂמֹאל׃ בְּכָל־הַדֶּרֶךְ ל
אֲשֶׁר צִוָּה יְהוָה אֱלֹהֵיכֶם אֶתְכֶם תֵּלֵכוּ לְמַעַן תִּחְיוּן וְטוֹב
לָכֶם וְהַאֲרַכְתֶּם יָמִים בָּאָרֶץ אֲשֶׁר תִּירָשׁוּן׃

ו

וְזֹאת הַמִּצְוָה הַחֻקִּים וְהַמִּשְׁפָּטִים אֲשֶׁר צִוָּה יְהוָה א

אָדער זיין קְנֶעכט, אָדער זיינֶע דִינְסְטמוֹיד,
זיין אָקְס אָדער זיין אֵייזֶעל, אוּנְד אַלֶעם
וָואס גֶעהֶערְט צוּ דיין חַבֵר: 19 דִיא
דָאזִיגֶע וָוערְטֶער הָאט גָאט גֶערֶעט צוּ
אַלֶע אֵיירֶע פֶערְזַאמְלוּנְג אוֹיף דֶעם בַּארְג,
פוּן צְווִישֶׁען דֶעם פֵייעֶר, דֶעם וָואלְקֶען
אוּנְד פוּן דֶעם נֶעבֶּעל מִיט אַ גְרוֹיס קוֹל,
אוּנְד עֶס הָאט נִיט אוֹיפְגֶעהֶערְט, אוּנְד
עֶר הָאט זֵייא אוֹיפְגֶעשְׁרִיבֶּען אוֹיף צְווֵייא
שְׁטֵיינֶערְנֶע טָאבֶעלְן, אוּנְד עֶר הָאט זֵייא
צוּ מִיר גֶעגֶעבֶּען: 20 אוּנְד עֶס אִיז גֶע־
וָועזֶען וָוען אִיהְר הָאט גֶעהֶערְט דָאס
קוֹל פוּן צְווִישֶׁען דֶער פִינְסְטֶערְנִיס, אוּנְד
דֶער בַּארְג הָאט גֶעבְּרֶענְט מִיט פֵייעֶר,
אַזוֹי הָאבֶּען זִיךְ גֶענֶעהְנְט צוּ מִיר אַלֶע
אוֹיבֶּערְשְׁטֶע פוּן אֵיירֶע שְׁבָטִים אוּנְד
אֵיירֶע עֶלְצְטֶע: 21 אוּנְד אִיהְר הָאט
גֶעזָאגְט, זֶעה, דֶער הַאר אוּנְזֶער גָאט
הָאט אוּנְס גֶעוִויזֶען זֵיינֶע הֶערְלִיכְקֵייט
אוּנְד זֵיינֶע גְרוֹיסְקֵייט, אוּנְד מִיר הָאבֶּען
גֶעהֶערְט זיין קוֹל פוּן צְווִישֶׁען דֶעם
פֵייעֶר, דֶעם דָאזִיגֶען טָאג הָאבֶּען מִיר
גֶעזֶעהֶען אַז גָאט רֶעט מִיט אַ מֶענְשׁ
אוּנְד עֶר לֶעבְּט: 22 אָבֶּער אַצוּנְד פַאר־
וָואס זָאלֶען מִיר שְׁטַארְבֶּען? וָוארִין
דָאס גְרוֹיסֶע פֵייעֶר וֶועט אוּנְס פֶערְבְּרֶענֶען. וֶוען מִיר וֶועלֶען נָאךְ מֶעהְר הֶערֶען דָאס
קוֹל פוּן דֶעם הַאר אוּנְזֶער גָאט אַזוֹי וֶועלֶען מִיר שְׁטַארְבֶּען: 23 וָוארִין, וֶוער אִיז
דֶען פֶערְהַאנְדֶען פוּן אַלֶע בֶּעשֶׁעפֶענִיס וָואס הָאט גֶעהֶערְט דָאס קוֹל פוּן דֶעם לֶעבֶּע־
דִיגֶען גָאט רֶעדֶען פוּן צְווִישֶׁען דֶעם פֵייעֶר אַזוֹי וִויא מִיר אוּנְד לֶעבֶּעדִיג בְּלֵייבֶּען?
24 גֶענֶעהְן דוּא דִיךְ, אוּנְד הֶער אַלֶעס וָואס דֶער הַאר אוּנְזֶער גָאט וֶועט זָאגֶען, אוּנְד
רֶעד דוּא צוּ אוּנְס אַלֶעס דָאס וָואס דֶער הַאר אוּנְזֶער גָאט וֶועט צוּ דִיר רֶעדֶען, אוּנְד
מִיר וֶועלֶען עֶס הֶערֶען אוּנְד טְהוּן: 25 אוּנְד גָאט הָאט גֶעהֶערְט דָאס קוֹל פוּן אֵיירֶע
וֶוערְטֶער וֶוען אִיהְר הָאט צוּ מִיר גֶערֶעט, אוּנְד גָאט הָאט צוּ מִיר גֶעזָאגְט, אִיךְ
הָאבּ גֶעהֶערְט דָאס קוֹל פוּן דֶעם דָאזִיגֶען פָאלְק וָואס זֵייא הָאבֶּען צוּ דִיר גֶערֶעט,
עֶס אִיז גוּט אַלֶעס וָואס זֵייא הָאבֶּען גֶערֶעט: 26 הַלְוַאי עֶס וָואלְט גֶעוֶועזֶען צוּ
זֵייא אַ זָאלְכֶעס הַארְץ, כְּדֵי מִיךְ צוּ פָארְכְטֶען, אוּנְד צוּ הִיטֶען אַלֶע מֵיינֶע מִצְוֹת
אַלֶע טֶעג, אַז עֶס זָאל זיין גוּט צוּ זֵייא אוּנְד צוּ זֵיירֶע קִינְדֶער אוֹיף אֵייבִּיג:
27 גֵייא, אוּנְד זָאג צוּ זֵייא, קֶעהְרְט אֵייךְ וִוידֶער צוּ אֵיירֶע גֶעצֶעלְטֶען: 28 אָבֶּער
דוּא בְּלֵייבּ דָא שְׁטֵיין בֵּייא מִיר, אוּנְד אִיךְ וֶועל צוּ דִיר רֶעדֶען אַלֶע מִצְוֹת
אוּנְד דִיא גֶעזֶעץ אוּנְד דִיא מִשְׁפָּטִים וָואס דוּא זָאלְסְט זֵייא לֶערְנֶען, אַז זֵייא
זָאלֶען עֶס טְהוּן אִין דֶעם לַאנְד וָואס אִיךְ גֶעבּ צוּ זֵייא אַלְס אַן עֶרְבְטֵייל:
29 אוּנְד אִיהְר זָאלְט הִיטֶען צוּ טְהוּן אַזוֹי וִויא דֶער הַאר אֵייעֶר גָאט הָאט אֵייךְ
גֶעבָּאטֶען; אִיהְר זָאלְט נִיט אָפְּקֶעהְרֶען אִין דֶער רֶעכְטֶער זֵייט אָדֶער אִין דֶער
לִינְקֶער זֵייט: 30 אִין דֶעם גַאנְצֶען וֶועג וָואס דֶער הַאר אֵייעֶר גָאט הָאט אֵייךְ
גֶעבָּאטֶען זָאלְט אִיהְר גֵיין, אַז אִיהְר זָאלְט לֶעבֶּען אוּנְד עֶס זָאל אֵייךְ גוּט זיין,
אוּנְד אַז אִיהְר זָאלְט פֶערְלֶענְגֶערְן דִיא טֶעג אִין דֶעם לַאנְד וָואס אִיהְר וֶועט
יַרְשְׁנ'ן:

## קאַפִּיטֶעל ו

1 אוּנְד דָאס אִיז דִיא מִצְוָה אוּנְד דִיא גֶעזֶעץ אוּנְד דִיא מִשְׁפָּטִים וָואס דֶער הַאר

אֱלֹהֵיכֶם לְלַמֵּד אֶתְכֶם לַעֲשׂוֹת בָּאָרֶץ אֲשֶׁר אַתֶּם עֹבְרִים
2 שָׁמָּה לְרִשְׁתָּהּ׃ לְמַעַן תִּירָא אֶת־יְהוָה אֱלֹהֶיךָ לִשְׁמֹר
אֶת־כָּל־חֻקֹּתָיו וּמִצְוֹתָיו אֲשֶׁר אָנֹכִי מְצַוֶּךָ אַתָּה וּבִנְךָ
3 וּבֶן־בִּנְךָ כֹּל יְמֵי חַיֶּיךָ וּלְמַעַן יַאֲרִכֻן יָמֶיךָ׃ וְשָׁמַעְתָּ
יִשְׂרָאֵל וְשָׁמַרְתָּ לַעֲשׂוֹת אֲשֶׁר יִיטַב לְךָ וַאֲשֶׁר תִּרְבּוּן
מְאֹד כַּאֲשֶׁר דִּבֶּר יְהוָה אֱלֹהֵי אֲבֹתֶיךָ לָךְ אֶרֶץ זָבַת
חָלָב וּדְבָשׁ׃ פ
4 ה שְׁמַע יִשְׂרָאֵל יְהוָה אֱלֹהֵינוּ יְהוָה ׀ אֶחָד׃ וְאָהַבְתָּ אֵת
יְהוָה אֱלֹהֶיךָ בְּכָל־לְבָבְךָ וּבְכָל־נַפְשְׁךָ וּבְכָל־מְאֹדֶךָ׃
6 וְהָיוּ הַדְּבָרִים הָאֵלֶּה אֲשֶׁר אָנֹכִי מְצַוְּךָ הַיּוֹם עַל־לְבָבֶךָ׃
7 וְשִׁנַּנְתָּם לְבָנֶיךָ וְדִבַּרְתָּ בָּם בְּשִׁבְתְּךָ בְּבֵיתֶךָ וּבְלֶכְתְּךָ
8 בַדֶּרֶךְ וּבְשָׁכְבְּךָ וּבְקוּמֶךָ׃ וּקְשַׁרְתָּם לְאוֹת עַל־יָדֶךָ וְהָיוּ
9 לְטֹטָפֹת בֵּין עֵינֶיךָ׃ וּכְתַבְתָּם עַל־מְזֻזוֹת בֵּיתֶךָ וּבִשְׁעָרֶיךָ׃
י ס וְהָיָה כִּי־יְבִיאֲךָ ׀ יְהוָה אֱלֹהֶיךָ אֶל־הָאָרֶץ אֲשֶׁר נִשְׁבַּע
לַאֲבֹתֶיךָ לְאַבְרָהָם לְיִצְחָק וּלְיַעֲקֹב לָתֶת לָךְ עָרִים
11 גְּדֹלֹת וְטֹבֹת אֲשֶׁר לֹא־בָנִיתָ׃ וּבָתִּים מְלֵאִים כָּל־טוּב
אֲשֶׁר לֹא־מִלֵּאתָ וּבֹרֹת חֲצוּבִים אֲשֶׁר לֹא־חָצַבְתָּ כְּרָמִים
12 וְזֵיתִים אֲשֶׁר לֹא־נָטָעְתָּ וְאָכַלְתָּ וְשָׂבָעְתָּ׃ הִשָּׁמֶר לְךָ פֶּן
תִּשְׁכַּח אֶת־יְהוָה אֲשֶׁר הוֹצִיאֲךָ מֵאֶרֶץ מִצְרַיִם מִבֵּית
13 עֲבָדִים׃ אֶת־יְהוָה אֱלֹהֶיךָ תִּירָא וְאֹתוֹ תַעֲבֹד וּבִשְׁמוֹ
14 תִּשָּׁבֵעַ׃ לֹא תֵלְכוּן אַחֲרֵי אֱלֹהִים אֲחֵרִים מֵאֱלֹהֵי הָעַמִּים
טו אֲשֶׁר סְבִיבוֹתֵיכֶם׃ כִּי אֵל קַנָּא יְהוָה אֱלֹהֶיךָ בְּקִרְבֶּךָ
פֶּן־יֶחֱרֶה אַף־יְהוָה אֱלֹהֶיךָ בָּךְ וְהִשְׁמִידְךָ מֵעַל פְּנֵי
16 הָאֲדָמָה׃ ס לֹא תְנַסּוּ אֶת־יְהוָה אֱלֹהֵיכֶם כַּאֲשֶׁר
17 נִסִּיתֶם בַּמַּסָּה׃ שָׁמוֹר תִּשְׁמְרוּן אֶת־מִצְוֹת יְהוָה אֱלֹהֵיכֶם
18 וְעֵדֹתָיו וְחֻקָּיו אֲשֶׁר צִוָּךְ׃ וְעָשִׂיתָ הַיָּשָׁר וְהַטּוֹב בְּעֵינֵי
יְהוָה לְמַעַן יִיטַב לָךְ וּבָאתָ וְיָרַשְׁתָּ אֶת־הָאָרֶץ הַטֹּבָה

אייער גָאט האָט גֶעבָּאטֶען אייך צוּ לֶערְנֶען, צוּ טְהוּן אִין דֶעם לַאנְד וָואס אִיהְר דָארְט אַרִיבֶּערְגֵייט אוּם עֶס צוּ יַרְשְׁנְ'ן: 2 כְּדֵי דוּא זָאלְסְט פָארכְטֶען דֶעם הַאר דֵיין גָאט, אוּם צוּ הִיטֶען אַלֶע זֵיינֶע גֶעזֶעץ אוּנְד זֵיינֶע מִצְוֹת, וָואס אִיךְ הָאבּ דִיר גֶעבָּאטֶען, דוּא אוּנְד דֵיין זוּהְן אוּנְד דֵיין זוּהְנְ'ס זוּהְן אַלֶע דֵיינֶע לֶעבֶּענְ'ס טֶעג, אַז דֵיינֶע טֶעג זָאלֶען זִיךְ פֶערְ־לֶענְגֶערְן: 3 אוּנְד דוּא יִשְׂרָאֵל, זָאלְסְט הֶערֶען, אוּנְד דוּא זָאלְסְט הִיטֶען עֶס צוּ טְהוּן, כְּדֵי עֶס זָאל דִיר גוּט זֵיין אוּנְד אַז דוּא זָאלְסְט דִיךְ זֶעהְר פֶערְמֶעהְרֶען, אַזוֹי וְוִיא דֶער הַאר, דֶער גָאט פוּן דֵיינֶע עֶלְטֶערְן הָאט צוּגֶעזָאגְט, אַ לַאנְד וָואס פְלִיסְט מִיט מִילְךְ אוּנְד הָאנִיג:

4 הֶער יִשְׂרָאֵל יְהוָֹה אוּנְזֶער גָאט יְהוָֹה אִיז אֵיינֶער: 5 אוּנְד דוּא זָאלְסְט לִיבֶּען דֶעם הַאר דֵיין גָאט מִיט דֵיין גַאנְצֶען הַארְץ, אוּנְד מִיט דֵיינֶער גַאנְצֶען זֶעלֶע אוּנְד מִיט דֵיין גַאנְצֶען פֶערְמֶעגֶען: 6 אוּנְד דִיא דָאזִיגֶע וֶוערְטֶער וָואס אִיךְ טְהוּא דִיר הַיינְט גֶעבִּיטֶען, זָאלֶען זֵיין אוֹיף דֵיין הַארְץ: 7 אוּנְד דוּא זָאלְסְט זֵייא לֶערְנֶען צוּ דֵיינֶע קִינְדֶער, אוּנְד דוּא זָאלְסְט אִיבֶּער זֵייא רֶעדֶען וֶוען דוּא זִיצְט אִין דֵיין הוֹיז, אוּנְד וֶוען דוּא גֵייסְט אוֹיף דֶעם וֶועג, אוּנְד וֶוען דוּא לֵייגְסְט דִיךְ אוּנְד וֶוען דוּא שְׁטֵייסְט אוֹיף: 8 אוּנְד דוּא זָאלְסְט זֵייא בִּינְדֶען אַלְס אַ צֵייכֶען אוֹיף דֵיינֶע הַאנְד, אוּנְד זֵייא זָאלֶען זֵיין אַלְס אַ צִירוּנְג צְווִישֶׁען דֵיינֶע אוֹיגֶען: 9 אוּנְד דוּא זָאלְסְט זֵייא אוֹיפְשְׁרֵייבֶּען אוֹיף דִיא בֵּייְשְׁטֶידֶעלְךְ פוּן דֵיין הוֹיז אוּנְד דֵיינֶע טוֹיעֶרְן: 10 אוּנְד עֶס וֶועט זֵיין וֶוען דֶער הַאר דֵיין גָאט וֶועט דִיךְ אַרֵיינְבְּרֶענְגֶען אִין דֶעם לַאנְד וַואס עֶר הָאט גֶעשְׁוְואוֹירֶען צוּ גֶעבֶּען צוּ דֵיינֶע עֶלְטֶערְן, צוּ אַבְרָהָם, צוּ יִצְחָק אוּנְד צוּ יַעֲקֹב, צוּ דִיר צוּ גֶעבֶּען גְרוֹיסֶע אוּנְד גוּטֶע שְׁטֶעט, וָואס דוּא הָאסְט נִיט גֶעבּוֹיעֶט: 11 אוּנְד הֵייזֶער פוּל מִיט גוּטֶעס וֶועלְכֶע דוּא הָאסְט נִיט אָנְגֶעפִילְט, אוּנְד אוֹיסְגֶע־הַאקְטֶע בְּרוּנֶעם וָואס דוּא הָאסְט זֵייא נִיט אוֹיסְגֶעהַאקְט, ווֵיינְגֶערְטֶען אוּנְד אֵיילְבֶּערְטֶען וָואס דוּא הָאסְט נִיט גֶעפְלַאנְצְט; אוּנְד וֶוען דוּא וֶועסְט עֶסֶען אוּנְד זַאט וֶוערֶען: 12 זָאלְסְט דוּא דִיךְ הִיטֶען אַז דוּא זָאלְסְט נִיט פֶערְגֶעסֶען דֶעם הַאר וָואס הָאט דִיךְ אַרוֹיסְגֶעבְּרַאכְט פוּן דֶעם לַאנְד מִצְרַיִם, אוֹיס דֶעם דִינְסְטהוֹיז: 13 דֶעם הַאר דֵיין גָאט זָאלְסְט דוּא פָארְכְטֶען, אוּנְד אִיהְם זָאלְסְט דוּא דִינֶען, אוּנְד בֵּייא זֵיין נָאמֶען זָאלְסְט דוּא שְׁווֶערֶען: 14 אִיהְר זָאלְט נִיט נָאכְגֵיין נָאךְ פְרֶעמְדֶע גֶעטֶער, פוּן דִיא גֶעטֶער פוּן דִיא פֶעלְקֶער וָואס זֶענֶען רִינְגְס אַרוּם אֵייךְ: 15 וָוארִין דֶער הַאר דֵיין גָאט אִיז אֵיין אֵייפֶערִיגֶער גָאט צְווִישֶׁען דִיר, טָאמֶער וֶועט דֶער צָארְן פוּן דֶעם הַאר דֵיין גָאט דֶערְגְרִימֶען קֶעגֶען דִיר אוּנְד עֶר וֶועט דִיךְ פֶערְטִילְגֶען פוּן דֶעם לַאנְד: 16 אִיהְר זָאלְט נִיט פְּרִיפֶען דֶעם הַאר אֵייעֶר גָאט, אַזוֹי וְוִיא אִיהְר הָאט אִיהְם גֶעפְּרִיפְט אִין מַסָּה: 17 אִיהְר זָאלְט הִיטֶען דִיא מִצְוֹת פוּן דֶעם הַאר אֵייעֶר גָאט אוּנְד זֵיינֶע צֵייגְנִיסֶע אוּנְד זֵיינֶע גֶעזֶעץ וָואס עֶר הָאט דִיר גֶעבָּאטֶען: 18 אוּנְד דוּא זָאלְסְט טְהוּן וָואס אִיז רֶעכְט אוּנְד גוּט אִין דִיא אוֹיגֶען פוּן גָאט, אַז עֶס זָאל דִיר זֵיין גוּט, אוּנְד דוּא זָאלְסְט אַרֵיינְקוּמֶען אוּנְד יַרְשְׁנְ'ן דָאס גוּטֶע לַאנְד

אֲשֶׁר־נִשְׁבַּע יְהוָה לַאֲבֹתֶיךָ׃ לַהֲדֹף אֶת־כָּל־אֹיְבֶיךָ מִפָּנֶיךָ 19
כַּאֲשֶׁר דִּבֶּר יְהוָה׃ ס כִּי־יִשְׁאָלְךָ בִנְךָ מָחָר לֵאמֹר כ
מָה הָעֵדֹת וְהַחֻקִּים וְהַמִּשְׁפָּטִים אֲשֶׁר צִוָּה יְהוָה אֱלֹהֵינוּ
אֶתְכֶם׃ וְאָמַרְתָּ לְבִנְךָ עֲבָדִים הָיִינוּ לְפַרְעֹה בְּמִצְרָיִם 21
וַיֹּצִיאֵנוּ יְהוָה מִמִּצְרַיִם בְּיָד חֲזָקָה׃ וַיִּתֵּן יְהוָה אוֹתֹת 22
וּמֹפְתִים גְּדֹלִים וְרָעִים ׀ בְּמִצְרַיִם בְּפַרְעֹה וּבְכָל־בֵּיתוֹ
לְעֵינֵינוּ׃ וְאוֹתָנוּ הוֹצִיא מִשָּׁם לְמַעַן הָבִיא אֹתָנוּ לָתֶת 23
לָנוּ אֶת־הָאָרֶץ אֲשֶׁר נִשְׁבַּע לַאֲבֹתֵינוּ׃ וַיְצַוֵּנוּ יְהוָה לַעֲשׂוֹת 24
אֶת־כָּל־הַחֻקִּים הָאֵלֶּה לְיִרְאָה אֶת־יְהוָה אֱלֹהֵינוּ לְטוֹב
לָנוּ כָּל־הַיָּמִים לְחַיֹּתֵנוּ כְּהַיּוֹם הַזֶּה׃ וּצְדָקָה תִּהְיֶה־לָּנוּ כִּי כה
נִשְׁמֹר לַעֲשׂוֹת אֶת־כָּל־הַמִּצְוָה הַזֹּאת לִפְנֵי יְהוָה אֱלֹהֵינוּ
כַּאֲשֶׁר צִוָּנוּ׃ ס

ז

כִּי יְבִיאֲךָ יְהוָה אֱלֹהֶיךָ אֶל־הָאָרֶץ אֲשֶׁר־אַתָּה בָא־שָׁמָּה א
לְרִשְׁתָּהּ וְנָשַׁל גּוֹיִם־רַבִּים ׀ מִפָּנֶיךָ הַחִתִּי וְהַגִּרְגָּשִׁי וְהָאֱמֹרִי
וְהַכְּנַעֲנִי וְהַפְּרִזִּי וְהַחִוִּי וְהַיְבוּסִי שִׁבְעָה גוֹיִם רַבִּים וַעֲצוּמִים
מִמֶּךָּ׃ וּנְתָנָם יְהוָה אֱלֹהֶיךָ לְפָנֶיךָ וְהִכִּיתָם הַחֲרֵם 2
תַּחֲרִים אֹתָם לֹא־תִכְרֹת לָהֶם בְּרִית וְלֹא תְחָנֵּם׃ וְלֹא 3
תִתְחַתֵּן בָּם בִּתְּךָ לֹא־תִתֵּן לִבְנוֹ וּבִתּוֹ לֹא־תִקַּח לִבְנֶךָ׃
כִּי־יָסִיר אֶת־בִּנְךָ מֵאַחֲרַי וְעָבְדוּ אֱלֹהִים אֲחֵרִים וְחָרָה 4
אַף־יְהוָה בָּכֶם וְהִשְׁמִידְךָ מַהֵר׃ כִּי־אִם־כֹּה תַעֲשׂוּ לָהֶם ה
מִזְבְּחֹתֵיהֶם תִּתֹּצוּ וּמַצֵּבֹתָם תְּשַׁבֵּרוּ וַאֲשֵׁירֵהֶם תְּגַדֵּעוּן
וּפְסִילֵיהֶם תִּשְׂרְפוּן בָּאֵשׁ׃ כִּי עַם קָדוֹשׁ אַתָּה לַיהוָה 6
אֱלֹהֶיךָ בְּךָ בָּחַר ׀ יְהוָה אֱלֹהֶיךָ לִהְיוֹת לוֹ לְעַם סְגֻלָּה
מִכֹּל הָעַמִּים אֲשֶׁר עַל־פְּנֵי הָאֲדָמָה׃ לֹא מֵרֻבְּכֶם מִכָּל־ 7
הָעַמִּים חָשַׁק יְהוָה בָּכֶם וַיִּבְחַר בָּכֶם כִּי־אַתֶּם הַמְעַט
מִכָּל־הָעַמִּים׃ כִּי מֵאַהֲבַת יְהוָה אֶתְכֶם וּמִשָּׁמְרוֹ אֶת־ 8
הַשְּׁבֻעָה אֲשֶׁר נִשְׁבַּע לַאֲבֹתֵיכֶם הוֹצִיא יְהוָה אֶתְכֶם בְּיָד

וָואס גָאט הָאט גֶעשְׁוְואוֹירֶען צוּ דֵיינֶע
עֶלְטֶערְן׃ 19 צוּ פֶערְיָאגֶען דֵיינֶע פֵיינְד
פַאר דִיר, אַזוֹי וִויא גָאט הָאט צוּגֶעזָאגְט׃
20 וֶוען דֵיין זוּהְן וֶועט דִיךְ מָארְגֶען
פְרֶעגֶען אַזוֹי צוּ זָאגֶען, וָואס זֶענֶען דִיא
צֵיינְנִים, אוּנְד דִיא גֶעזֶעץ, אוּנְד דִיא
מִשְׁפָּטִים וָואס דֶער הַאר אוּנְזֶער גָאט
הָאט אֵייךְ גֶעבָאטֶען׃ 21 אַזוֹי זָאלְסְט
דוּא זָאגֶען צוּ דֵיין זוּהְן, — מִיר זֶענֶען
גֶעוֶועזֶען קְנֶעכְט צוּ פַּרְעֹה אִין מִצְרַיִם,
אוּנְד גָאט הָאט אוּנְס אַרוֹיסְגֶעצוֹיגֶען פוּן
מִצְרַיִם מִיט אַ שְׁטַארְקֶע הַאנְד׃ 22 אוּנְד
גָאט הָאט גֶעגֶעבֶען גְרוֹיסֶע אוּנְד פָארְכְ־
טֶערְלִיכֶע צֵייכֶען אוּנְד וְואוּנְדֶער אַן
מִצְרַיִם, אַן פַּרְעֹה, אוּנְד אַן זֵיין גַאנְץ
הוֹיזְגֶעזִינְד פַאר אוּנְזֶערֶע אוֹיגֶען׃ 23 אוּנְד
אוּנְס הָאט עֶר אַרוֹיסְגֶעבְּרַאכְט פוּן דָארְ־
טֶען, אַז עֶר זָאל אוּנְס אַרֵיינְבְּרֶענְגֶען
כְּדֵי אוּנְס צוּ גֶעבֶּען דָאס לַאנְד וָואס עֶר
הָאט גֶעשְׁווָאוֹירֶען צוּ אוּנְזֶערֶע עֶלְטֶערְן׃
24 אוּנְד גָאט הָאט אוּנְס גֶעבָּאטֶען צוּ
טְהוּן אַלֶע דִיא דָאזִיגֶע גֶעזֶעץ, אַז מִיר
זָאלֶען פָארְכְטֶען דֶעם הַאר אוּנְזֶער גָאט,
כְּדֵי עֶס זָאל אוּנְס גוּט זֵיין אַלֶע טֶעג,
אוּנְס לֶעבֶּען צוּ לָאזֶען אַזוֹי וִויא דֶעם
הֵיינְטִיגֶען טָאג׃ 25 וָוארִין עֶס וֶועט זֵיין
אוּנְזֶערֶע גֶערֶעכְטִיגְקֵייט וֶוען מִיר וֶועלֶען הִיטֶען צוּ טְהוּן אַלֶע דִיא דָאזִיגֶע מִצְוֹת פַאר
דֶעם הַאר אוּנְזֶער גָאט אַזוֹי וִויא עֶר הָאט אוּנְס גֶעבָאטֶען׃

## קאפיטעל ז

1 וֶוען דֶער הַאר דֵיין גָאט וֶועט דִיךְ אַרֵיינְבְּרֶענְגֶען צוּ דֶעם לַאנְד אַהִין דוּא גֵייסְט
אַהִין עֶס צוּ יַרְשְׁנֶ׳ן, אוּנְד עֶר הָאט אַרוֹיסְגֶעוָוארְפֶען פִיל פֶעלְקֶער פָאר דִיר, דֶעם חִתִּי,
אוּנְד דֶעם גִרְגָשִׁי, אוּנְד דֶעם אֱמֹרִי, אוּנְד דֶעם כְּנַעֲנִי, אוּנְד דֶעם פְּרִזִּי, אוּנְד דֶעם חִוִּי,
אוּנְד דֶעם יְבוּסִי, זִיבֶּען פֶעלְקֶער גְרֶעסֶערֶע אוּנְד שְׁטַארְקֶערֶע פוּן דִיר׃ 2 אוּנְד וֶוען
דֶער הַאר דֵיין גָאט וֶועט זֵייא פַאר דִיר גֶעבֶּען, אוּנְד דוּא וֶועסְט זֵייא שְׁלָאגֶען, אוּנְד
וֶועסְט זֵייא גַאנְץ מַחֲרִים זֵיין, אַזוֹי זָאלְסְט דוּא נִיט קֵיין בְּרִית מִיט זֵייא מַאכֶען, אוּנְד
דוּא זָאלְסְט דִיךְ נִיט אִיבֶּער זֵייא דֶערְבַּארְמֶען׃ 3 אוּנְד דוּא זָאלְסְט נִיט מִיט זֵייא
מִתְחַתְּנִים וֶוערֶען, דֵיינֶע טָאכְטֶער זָאלְסְט דוּא נִיט גֶעבֶּען צוּ זֵיין זוּהְן, אוּנְד זֵיינֶע
טָאכְטֶער זָאלְסְט דוּא נִיט נֶעמֶען צוּ דֵיין זוּהְן׃ 4 וָוארִין עֶר וֶועט מַאכֶען דֵיין זוּהְן
אָפְּקֶעהְרֶען פוּן מִיר, אוּנְד זֵייא וֶועלֶען דִינֶען פְרֶעמְדֶע גֶעטֶער, אוּנְד דֶער צָארְן פוּן
גָאט וֶועט אִיבֶּער אֵייךְ דֶערְגְרִימֶען, אוּנְד עֶר וֶועט דִיךְ גֶעשְׁווִינְד פֶערְטִילְגֶען׃
5 נֵייעֶרְט דוּא זָאלְסְט אַזוֹי צוּ זֵייא טְהוּן, זֵיירֶע מִזְבְּחוֹת זָאלְט אִיהְר צוּשְׁטוֹיסֶען, אוּנְד
זֵיירֶע מַצֵּבוֹת זָאלְט אִיהְר צוּבְּרֶעכֶען, אוּנְד זֵיירֶע לִינְדֶען־בֵּיימֶער זָאלְט אִיהְר אָפּ־
שְׁנֵיידֶען, אוּנְד זֵיירֶע גֶעצֶענְבִּילְדֶער זָאלְט אִיהְר פֶערְבְּרֶענֶען אִים פֵייעֶר׃ 6 וָוארִין
דוּא בִּיזְט אַ הֵיילִיג פָאלְק צוּ דֶעם הַאר דֵיין גָאט, דֶער הַאר דֵיין גָאט הָאט דִיךְ
אוֹיסְדֶערְוֶוועהְלְט צוּ אִיהְם צוּ זֵיין אַ גֶעלִיבְּטֶעם פָאלְק, פוּן אַלֶע פֶעלְקֶער וָואס
זֶענֶען אוֹיף דֶער עֶרְד׃ 7 נִיט מֵחֲמַת אִיהְר זֵייט מֶעהְר פוּן אַלֶע פֶעלְקֶער הָאט
גָאט אַן אֵייךְ גֶעגְלוּסְט, אַז עֶר הָאט אֵייךְ אוֹיסְדֶערְוֶוויילְט; וָוארִין אִיהְר זֶענְט
גֶעוֶועזֶען דִיא וֶוועניגְסְטֶע פוּן אַלֶע פֶעלְקֶער׃ 8 נֵייעֶרְט וֶוייל גָאט הָאט
אֵייךְ לִיבּ, אוּנְד וֶוייל עֶר ווִיל הַאלְטֶען דִיא שְׁבוּעָה וָואס עֶר הָאט גֶעשְׁוְואוֹירֶען
צוּ אֵיירֶע עֶלְטֶערְן הָאט עֶר אֵייךְ אַרוֹיסְגֶעבְּרַאכְט מִיט אַ שְׁטַארְקֶע הַאנְד,

חֲזָקָה וַיִּפְדְּךָ מִבֵּית עֲבָדִים מִיַּד פַּרְעֹה מֶלֶךְ־מִצְרָיִם׃
9 וְיָדַעְתָּ כִּי־יְהוָה אֱלֹהֶיךָ הוּא הָאֱלֹהִים הָאֵל הַנֶּאֱמָן שֹׁמֵר
הַבְּרִית וְהַחֶסֶד לְאֹהֲבָיו וּלְשֹׁמְרֵי מִצְוֹתָו לְאֶלֶף דּוֹר׃
י וּמְשַׁלֵּם לְשֹׂנְאָיו אֶל־פָּנָיו לְהַאֲבִידוֹ לֹא יְאַחֵר לְשֹׂנְאוֹ אֶל־
11 פָּנָיו יְשַׁלֶּם־לוֹ׃ וְשָׁמַרְתָּ אֶת־הַמִּצְוָה וְאֶת־הַחֻקִּים וְאֶת־
הַמִּשְׁפָּטִים אֲשֶׁר אָנֹכִי מְצַוְּךָ הַיּוֹם לַעֲשׂוֹתָם׃

פ פ פ מו

12 וְהָיָה ׀ עֵקֶב תִּשְׁמְעוּן אֵת הַמִּשְׁפָּטִים הָאֵלֶּה וּשְׁמַרְתֶּם
וַעֲשִׂיתֶם אֹתָם וְשָׁמַר יְהוָה אֱלֹהֶיךָ לְךָ אֶת־הַבְּרִית וְאֶת־
13 הַחֶסֶד אֲשֶׁר נִשְׁבַּע לַאֲבֹתֶיךָ׃ וַאֲהֵבְךָ וּבֵרַכְךָ וְהִרְבֶּךָ
וּבֵרַךְ פְּרִי־בִטְנְךָ וּפְרִי־אַדְמָתֶךָ דְּגָנְךָ וְתִירֹשְׁךָ וְיִצְהָרֶךָ
שְׁגַר־אֲלָפֶיךָ וְעַשְׁתְּרֹת צֹאנֶךָ עַל הָאֲדָמָה אֲשֶׁר־נִשְׁבַּע
14 לַאֲבֹתֶיךָ לָתֶת לָךְ׃ בָּרוּךְ תִּהְיֶה מִכָּל־הָעַמִּים לֹא־יִהְיֶה
טו בְךָ עָקָר וַעֲקָרָה וּבִבְהֶמְתֶּךָ׃ וְהֵסִיר יְהוָה מִמְּךָ כָּל־חֹלִי
וְכָל־מַדְוֵי מִצְרַיִם הָרָעִים אֲשֶׁר יָדַעְתָּ לֹא יְשִׂימָם בָּךְ
16 וּנְתָנָם בְּכָל־שֹׂנְאֶיךָ׃ וְאָכַלְתָּ אֶת־כָּל־הָעַמִּים אֲשֶׁר יְהוָה
אֱלֹהֶיךָ נֹתֵן לָךְ לֹא־תָחוֹס עֵינְךָ עֲלֵיהֶם וְלֹא תַעֲבֹד אֶת־
17 אֱלֹהֵיהֶם כִּי־מוֹקֵשׁ הוּא לָךְ׃ ס כִּי תֹאמַר בִּלְבָבְךָ
18 רַבִּים הַגּוֹיִם הָאֵלֶּה מִמֶּנִּי אֵיכָה אוּכַל לְהוֹרִישָׁם׃ לֹא
תִירָא מֵהֶם זָכֹר תִּזְכֹּר אֵת אֲשֶׁר־עָשָׂה יְהוָה אֱלֹהֶיךָ
19 לְפַרְעֹה וּלְכָל־מִצְרָיִם׃ הַמַּסֹּת הַגְּדֹלֹת אֲשֶׁר־רָאוּ עֵינֶיךָ
וְהָאֹתֹת וְהַמֹּפְתִים וְהַיָּד הַחֲזָקָה וְהַזְּרֹעַ הַנְּטוּיָה אֲשֶׁר
הוֹצִאֲךָ יְהוָה אֱלֹהֶיךָ כֵּן־יַעֲשֶׂה יְהוָה אֱלֹהֶיךָ לְכָל־הָעַמִּים
כ אֲשֶׁר־אַתָּה יָרֵא מִפְּנֵיהֶם׃ וְגַם אֶת־הַצִּרְעָה יְשַׁלַּח יְהוָה
21 אֱלֹהֶיךָ בָּם עַד־אֲבֹד הַנִּשְׁאָרִים וְהַנִּסְתָּרִים מִפָּנֶיךָ׃ לֹא
תַעֲרֹץ מִפְּנֵיהֶם כִּי־יְהוָה אֱלֹהֶיךָ בְּקִרְבֶּךָ אֵל גָּדוֹל
22 וְנוֹרָא׃ וְנָשַׁל יְהוָה אֱלֹהֶיךָ אֶת־הַגּוֹיִם הָאֵל מִפָּנֶיךָ מְעַט

אוּנְד עֶר הָאט דִיךְ אוֹיסְגֶעלֵייזְט אוֹיס דֶעם דִינְסְטהוֹיז, פוּן דֶער הַאנְד פוּן פַּרְעֹה דֶער מֶלֶךְ פוּן מִצְרַיִם: 9 אוּנְד דוּא זָאלְסְט ווִיסֶען אַז דֶער הַאר דֵיין גָאט עֶר אִיז דֶער (רֶעכְטֶער) גָאט דֶער גֶעטְרֵייעֶר גָאט, עֶר הַאלְט דֶעם בְּרִית, אוּנְד דִיא גְנָאד צוּ דִיא וָואס לִיבֶּען אִיהְם, אוּנְד צוּ דִיא וָואס הִיטֶען זֵיינֶע מִצְוֹת, בִּיז צוּ טוֹיזֶענְד דוֹרוֹת: 10 אָבֶּער עֶר בֶּעצָאלְט צוּ זֵיינֶע פֵיינְד פַאר זֵיין פָּנִים כְּדֵי עֶר זָאל אִיהְם פֶערְטִילְגֶען, עֶר זוֹימְט זִיךְ נִיט זֵיין פֵיינְד צוּ בֶּעצָאלֶען פַאר זֵיין פָּנִים: 11 דָארוּם זָאלְסְט דוּא הִיטֶען דִיא מִצְוֹת אוּנְד דִיא גֶעזֶעץ, אוּנְד דִיא מִשְׁפָּטִים וָואס אִיךְ טְהוּא דִיר הַיינְט גֶעבִּיטֶען אַז דוּא זָאלְסְט זַייא טְהוּן:

עקב

12 אוּנְד עֶס וֶועט זֵיין ווַייל אִיהְר וֶועט הֶערֶען צוּ דִיא דָאזִיגֶע מִשְׁפָּטִים, אוּנְד אִיהְר וֶועט זַייא טְהוּן, אַזוֹי וֶועט דֶער הַאר דֵיין גָאט צוּ דִיר הַאלְטֶען דֶעם בְּרִית אוּנְד דִיא גְנָאד וָואס עֶר הָאט גֶעשְׁווָאוֹירֶען צוּ דֵיינֶע עֶלְטֶערְן: 13 אוּנְד עֶר וֶועט דִיךְ לִיבֶּען אוּנְד דִיךְ פֶערְמֶעהְרֶען, אוּנְד עֶר וֶועט בֶּענְשֶׁען דִיא פְרוּכְט פוּן דֵיין בּוֹיךְ, אוּנְד דִיא פְרוּכְט פוּן דֵיין לַאנְד; דֵיין קָארְן אוּנְד דֵיין ווַיין, אוּנְד דֵיין אֵייל בֶּערְט; דִיא פֶערְוַוארְפוּנְג פוּן דֵיינֶע רִינְדֶער, אוּנְד דִיא סְטַאדֶעס פוּן דֵיינֶע שָׁאף, אוֹיף דֶעם לַאנְד וָואס עֶר הָאט גֶעשְׁווָאוֹירֶען צוּ דֵיינֶע עֶלְטֶערְן, אַז עֶר זָאל עֶס צוּ דִיר גֶעבֶּען: 14 דוּא וֶועסְט זֵיין (מֶעהְר) גֶעבֶּענְשְׁט פוּן אַלֶע פֶעלְקֶער, עֶס וֶועט נִיט זֵיין בַּייא דִיר קֵיין עָקָר אוּנְד קֵיינֶע עֲקָרָה (אוּמְפְרוּכְטבַּארֶע), אוֹיךְ נִיט צְווִישֶׁען דֵיינֶע בְּהֵמוֹת: 15 אוּנְד גָאט וֶועט פוּן דִיר אָפְּטְהוּן אַלֶערְלֵייא קְרַאנְקְהֵייט, אוּנְד אַלֶערְלֵייא שְׁלֶעכְטֶע ווֵייטָאג וָואס אִיז גֶעוֶועזֶען אִין מִצְרַיִם, וָואס דוּא ווֵייסְט זַייא; עֶר וֶועט זַייא נִיט אוֹיף דִיר טְהוּן, נֵייעֶרְט עֶר וֶועט זַייא גֶעבֶּען אָן אַלֶע דֵיינֶע פֵיינְדֶע: 16 אוּנְד דוּא וֶועסְט פֶערְצֶעהְרֶען—פֶערְדַארְבֶּען—דִיא אַלֶע פֶעלְקֶער וָואס דֶער הַאר דֵיין גָאט וֶועט דִיר גֶעבֶּען, דֵיין אוֹיג זָאל זִיךְ נִיט דֶערְבַּארְמֶען אִיבֶּער זַייא, אוּנְד דוּא זָאלְסְט נִיט דִינֶען זֵיירֶע אָפְּגֶעטֶער, ווָארִין עֶס וֶועט צוּ דִיר זֵיין אַ שְׁטְרוֹיכְלוּנְג: 17 ווֶען דוּא וֶועסְט זָאגֶען אִין דֵיין הַארְץ, דִיא דָאזִיגֶע פֶעלְקֶער זֶענֶען מֶעהְר פוּן מִיר, ווִיא אַזוֹי וֶועל אִיךְ זַייא קֶענֶען פֶערְטְרֵייבֶּען? 18 אַזוֹי זָאלְסְט דוּא דִיךְ נִיט פָארְכְטֶען, דוּא זָאלְסְט זִיכֶער גֶעדֶענְקֶען וָואס דֶער הַאר דֵיין גָאט הָאט גֶעטְהוּן צוּ פַּרְעֹה אוּנְד צוּ גַאנְץ מִצְרַיִם: 19 דִיא גְרוֹיסֶע פְּרִיפוּנְגֶען וָואס דֵיינֶע אוֹיגֶען הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען, אוּנְד דִיא צֵייכֶען אוּנְד וְואוּנְדֶער, אוּנְד דִיא שְׁטַארְקֶע הַאנְד, אוּנְד דֶעם אוֹיסְגֶעשְׁטְרֶעקְטֶען אָרֶעם מִיט ווֶעלְכֶען דֶער הַאר דֵיין גָאט הָאט דִיךְ אַרוֹיסְגֶעצוֹיגֶען, גְרָאד אַזוֹי וֶועט דֶער הַאר דֵיין גָאט טְהוּן צוּ אַלֶע פֶעלְקֶער וָואס דוּא הָאסְט פַאר זַייא מוֹרָא: 20 אוּנְד דֶער הַאר דֵיין גָאט וֶועט (אוֹיךְ צוּ זַייא) שִׁיקֶען דִיא בִּיעֶן בִּיז עֶס וֶועלֶען פֶערְטִילְגְט ווֶערֶען דִיא וָואס זֶענֶען אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּען אוּנְד זֶענֶען פֶערְבָּארְגֶען פַאר דִיר: 21 דוּא זָאלְסְט דִיךְ נִיט דֶערְשְׁרֶעקֶען פַאר זַייא, ווָארִין דֶער הַאר דֵיין גָאט וָואס אִיז צְווִישֶׁען דִיר אִיז אַ גְרוֹיסֶער אוּנְד פָארְכְטֶערְלִיכֶער גָאט: 22 אוּנְד דֶער הַאר דֵיין גָאט וֶועט פֶערְוַוארְפֶען דִיא דָאזִיגֶע פֶעלְקֶער פַאר דִיר בִּיסְלֶעכְווַייז;

דוּא

דוּא קֶענְסְט זֵייא נִיט גֶעשְׁווִינְד פֶערְטִילְ־
גֶען, וָוארִין טָאמֶער ווֶעלֶען זִיךְ אוֹיףְ
דִיר מֶעהְרֶען דִיא חַיוֹת פוּן דֶעם פֶעלְד:
23 נֵייעֶרְט דֶער הַאר דֵיין גָאט וועט
זֵייא פַאר דִיר אַהִינְגֶעבֶּען, אוּנְד עֶר וועט
זֵייא פַארטוּמֶעלְן מִיט אַ גְרוֹיסֶע פֶערְ־
טוּמְלוּנְג בִּיז זֵייא ווֶעלֶען זֵיין פֶערְטִילְגְט:
24 אוּנְד עֶר וועט זֵיירֶע מְלָכִים אִין דֵיינֶע
הַאנְד גֶעבֶּען, אוּנְד דוּא וועסְט זֵייעֶר
נָאמֶען פֶערְטִילְגֶען פוּן אוּנְטֶער דֶעם
הִימֶעל; קֵיין מַאן וועט פַאר דִיר בֶּעשְׁטֵיין
קֶענֶען, בִּיז דוּא וועסְט זֵייא פֶערְטִילְגֶען:
25 דִיא גֶעצֶענְבִּילְדֶער פוּן זֵייעֶרֶע אָפְּגֶע־
טֶער זָאלְסְט דוּא פֶערְבְּרֶענֶען מִיט פֵייעֶר,
דוּא זָאלְסְט נִיט גְלוּסְטֶען דָאס זִילְבֶּער
אוּנְד גָאלְד וָואס אִיז אוֹיףְ זֵייא, דוּא
זָאלְסְט עֶס נִיט צוּ דִיר נֶעמֶען, טָאמֶער
וועסְט דוּא דוּרְךְ דֶעם גֶעשְׁטְרוֹיכֶעלְט
ווערֶען, וָוארִין עֶס אִיז אַן אוּמְוֶוערְדִיגְקֵייט
צוּ דֶעם הַאר דֵיין גָאט: 26 דוּא זָאלְסְט אוֹיךְ
נִיט אַרֵיינְבְּרֶענְגֶען אַן אוּמְוֶוערְדִיגְקֵייט
אִין דֵיין הוֹיז; אַז דוּא זָאלְסְט נִיט זֵיין
אִין חֵרֶם גְלֵייךְ אַזוֹי ווִיא עֶס אִיז,
דוּא זָאלְסְט עֶס אִים גַאנְצֶען פֶערְאָפְּ־
שֵׁייעֶן, אוּנְד אִים גַאנְצֶען פֶערְאוּמְוֶוערְדִיגֶען, וָוארִין עֶס אִיז (אִין חֵרֶם) פֶערְפְלוּכְט:

מְעַט מְעָט לֹא תוּכַל כַּלֹּתָם מַהֵר פֶּן־תִּרְבֶּה עָלֶיךָ חַיַּת הַשָּׂדֶה׃
23 וּנְתָנָם יְהוָה אֱלֹהֶיךָ לְפָנֶיךָ וְהָמָם מְהוּמָה גְדֹלָה עַד
24 הִשָּׁמְדָם׃ וְנָתַן מַלְכֵיהֶם בְּיָדֶךָ וְהַאֲבַדְתָּ אֶת־שְׁמָם מִתַּחַת
כה הַשָּׁמָיִם לֹא־יִתְיַצֵּב אִישׁ בְּפָנֶיךָ עַד הִשְׁמִדְךָ אֹתָם׃ פְּסִילֵי
אֱלֹהֵיהֶם תִּשְׂרְפוּן בָּאֵשׁ לֹא־תַחְמֹד כֶּסֶף וְזָהָב עֲלֵיהֶם
וְלָקַחְתָּ לָךְ פֶּן תִּוָּקֵשׁ בּוֹ כִּי תוֹעֲבַת יְהוָה אֱלֹהֶיךָ הוּא׃
26 וְלֹא־תָבִיא תוֹעֵבָה אֶל־בֵּיתֶךָ וְהָיִיתָ חֵרֶם כָּמֹהוּ שַׁקֵּץ ׀
תְּשַׁקְּצֶנּוּ וְתַעֵב ׀ תְּתַעֲבֶנּוּ כִּי־חֵרֶם הוּא׃ פ

ח

ח

א כָּל־הַמִּצְוָה אֲשֶׁר אָנֹכִי מְצַוְּךָ הַיּוֹם תִּשְׁמְרוּן לַעֲשׂוֹת
לְמַעַן תִּחְיוּן וּרְבִיתֶם וּבָאתֶם וִירִשְׁתֶּם אֶת־הָאָרֶץ אֲשֶׁר־
2 נִשְׁבַּע יְהוָה לַאֲבֹתֵיכֶם׃ וְזָכַרְתָּ אֶת־כָּל־הַדֶּרֶךְ אֲשֶׁר
הוֹלִיכְךָ יְהוָה אֱלֹהֶיךָ זֶה אַרְבָּעִים שָׁנָה בַּמִּדְבָּר לְמַעַן
עַנֹּתְךָ לְנַסֹּתְךָ לָדַעַת אֶת־אֲשֶׁר בִּלְבָבְךָ הֲתִשְׁמֹר מִצְוֹתָו
3 אִם־לֹא׃ וַיְעַנְּךָ וַיַּרְעִבֶךָ וַיַּאֲכִלְךָ אֶת־הַמָּן אֲשֶׁר לֹא־
יָדַעְתָּ וְלֹא יָדְעוּן אֲבֹתֶיךָ לְמַעַן הוֹדִיעֲךָ כִּי לֹא עַל־הַלֶּחֶם
לְבַדּוֹ יִחְיֶה הָאָדָם כִּי עַל־כָּל־מוֹצָא פִי־יְהוָה יִחְיֶה הָאָדָם׃
4 שִׂמְלָתְךָ לֹא בָלְתָה מֵעָלֶיךָ וְרַגְלְךָ לֹא בָצֵקָה זֶה אַרְבָּעִים
ה שָׁנָה׃ וְיָדַעְתָּ עִם־לְבָבֶךָ כִּי כַּאֲשֶׁר יְיַסֵּר אִישׁ אֶת־בְּנוֹ
6 יְהוָה אֱלֹהֶיךָ מְיַסְּרֶךָּ׃ וְשָׁמַרְתָּ אֶת־מִצְוֹת יְהוָה אֱלֹהֶיךָ
7 לָלֶכֶת בִּדְרָכָיו וּלְיִרְאָה אֹתוֹ׃ כִּי יְהוָה אֱלֹהֶיךָ מְבִיאֲךָ
אֶל־אֶרֶץ טוֹבָה אֶרֶץ נַחֲלֵי מָיִם עֲיָנֹת וּתְהֹמֹת יֹצְאִים
8 בַּבִּקְעָה וּבָהָר׃ אֶרֶץ חִטָּה וּשְׂעֹרָה וְגֶפֶן וּתְאֵנָה וְרִמּוֹן
9 אֶרֶץ־זֵית שֶׁמֶן וּדְבָשׁ׃ אֶרֶץ אֲשֶׁר לֹא בְמִסְכֵּנֻת תֹּאכַל־
בָּהּ לֶחֶם לֹא־תֶחְסַר כֹּל בָּהּ אֶרֶץ אֲשֶׁר אֲבָנֶיהָ בַרְזֶל
י וּמֵהֲרָרֶיהָ תַּחְצֹב נְחֹשֶׁת׃ וְאָכַלְתָּ וְשָׂבָעְתָּ וּבֵרַכְתָּ אֶת־
11 יְהוָה אֱלֹהֶיךָ עַל־הָאָרֶץ הַטֹּבָה אֲשֶׁר נָתַן־לָךְ׃ הִשָּׁמֶר

## קאפיטעל ח

1 אַלֶע מִצְוֹת וָואס אִיךְ גֶעבִּיט דִיר הֵיינְט זָאלְט אִיהְר הִיטֶען צוּ טְהוּן, אַז אִיהְר זָאלְט
לֶעבֶּען, אוּנְד זָאלְט אֵייךְ מֶעהְרֶען, אוּנְד אַרֵיינְקוּמֶען אוּנְד יַרְשֶׁנֶ'ן דָאס לַאנְד וָואס גָאט
הָאט גֶעשְׁווָאוֹירֶען צוּ אֵיירֶע עֶלְטֶערְן: 2 אוּנְד דוּא זָאלְסְט גֶעדֶענְקֶען דֶעם גַאנְצֶען
ווֶעג ווֶעלְכֶען דֶער הַאר דֵיין גָאט הָאט דִיךְ גֶעפִיהְרְט דִיזֶע פֶערְצִיג יָאהְר אִין דֶער
מִדְבָּר, אַז עֶר זָאל דִיךְ דֶעמִיטִיגֶען, כְּדֵי דִיךְ צוּ פְּרוּבֶען, אוּם צוּ ווִיסֶען וָואס אִיז אִין
דֵיין הַארְץ, אוֹיב דוּא וועסְט הִיטֶען זֵיינֶע מִצְוֹת אָדֶער נִיט: 3 אוּנְד עֶר הָאט
דִיךְ גֶעדֶעמִיטִיגְט, אוּנְד הָאט דִיךְ גֶעלָאזְט הוּנְגֶערְן אוּנְד עֶר הָאט דִיךְ גֶעשְׁפֵּייזְט מִיט
מָן וָואס דוּא הָאסְט נִיט גֶעוְואוּסְט (וָואס עֶס אִיז), אוּנְד דֵיינֶע עֶלְטֶערְן הָאבֶּען
אוֹיךְ נִיט גֶעוְואוּסְט, כְּדֵי עֶר זָאל דִיךְ מַאכֶען ווִיסֶען אַז דֶער מֶענְשׁ זָאל נִיט
פוּן בְּרוֹיט אַלֵיין לֶעבֶּען, נֵייעֶרְט פוּן אִיטְלִיכֶען וָוארְט וָואס קוּמְט אַרוֹיס פוּן דֶעם מוֹיל
פוּן גָאט, פוּן דֶעם זָאל דֶער מֶענְשׁ לֶעבֶּען: 4 דֵיינֶע קְלֵיידֶער זֶענֶען נִיט פוּן אָפּ דִיר
אַלְט גֶעוָוארֶען, אוּנְד דֵיינֶע פִּיס זֶענֶען נִיט גֶעשְׁוָואלֶען גֶעוָוארֶען דִיזֶע פֶערְצִיג יָאהְר:
5 דוּא זָאלְסְט אָבֶּער ווִיסֶען אִין דֵיין הַארְץ, אַז אַזוֹי ווִיא אַ מַאן שְׁטְרָאפְט זֵיין זוּהְן,
אַזוֹי טְהוּט דֶער הַאר דֵיין גָאט דִיךְ שְׁטְרָאפֶען: 6 דָארוּם זָאלְסְט דוּא הִיטֶען דִיא
מִצְוֹת פוּן דֶעם הַאר דֵיין גָאט, צוּ גֵייעֶן אִין זֵיינֶע ווֶעגֶען אוּנְד אִיהְם צוּ פָארְכְטֶען:
7 וָוארִין דֶער הַאר דֵיין גָאט בְּרֶענְגְט דִיךְ אַרֵיין אִין אַ גוּט לַאנְד, אַ לַאנְד
פוּן וַואסֶער טֵייכֶען, אוּנְד בְּרוּנֶען אוּנְד אָפְּגְרוּנְדֶען, וָואס גֵייעֶן אַרוֹיס פוּן טֶעלֶער אוּנְד
פוּן בֶּערְג: 8 אַ לַאנְד פוּן ווֵייץ, אוּנְד גֶערְשְׁט, אוּנְד ווֵיינְשְׁטָאק, אוּנְד פֵייגֶען, אוּנְד
מִילְגְרוֹימֶען, אַ לַאנְד פוּן אֵיילְבֶּערְטֶען, בּוֹימְאֵייל אוּנְד הָאנִיג: 9 אַ לַאנְד אִין ווֶעלְכֶעם
דוּא וועסְט נִיט עֶסֶען בְּרוֹיט מִיט קַארְגְהֵייט, עֶס וועט דִיר דַארִיגֶען גָארְנִיט פֶעהְלֶען,
עֶס אִיז אַ לַאנְד וָואס אִיהְרֶע שְׁטֵיינֶער הָאבֶּען אֵייזֶען, אוּנְד פוּן אִיהְרֶע בֶּערְג קֶענְסְט דוּא
אוֹיסְגְרוּבֶּען קוּפֶּער: 10 ווֶען דוּא וועסְט עֶסֶען אוּנְד וועסְט זַאט ווערֶען, אַזוֹי זָאלְסְט דוּא
בֶּענְשֶׁען דֶעם הַאר דֵיין גָאט פַאר דֶעם גוּטֶען לַאנְד וָואס עֶר הָאט דִיר גֶעגֶעבֶּען: 11 הִיט

לְךָ פֶּן־תִּשְׁכַּח אֶת־יְהוָה אֱלֹהֶיךָ לְבִלְתִּי שְׁמֹר מִצְוֹתָיו
12 וּמִשְׁפָּטָיו וְחֻקֹּתָיו אֲשֶׁר אָנֹכִי מְצַוְּךָ הַיּוֹם׃ פֶּן־תֹּאכַל וְשָׂבָעְתָּ
13 וּבָתִּים טֹבִים תִּבְנֶה וְיָשָׁבְתָּ׃ וּבְקָרְךָ וְצֹאנְךָ יִרְבְּיֻן וְכֶסֶף
14 וְזָהָב יִרְבֶּה־לָּךְ וְכֹל אֲשֶׁר־לְךָ יִרְבֶּה׃ וְרָם לְבָבֶךָ וְשָׁכַחְתָּ
אֶת־יְהוָה אֱלֹהֶיךָ הַמּוֹצִיאֲךָ מֵאֶרֶץ מִצְרַיִם מִבֵּית עֲבָדִים׃
טו הַמּוֹלִיכְךָ בַּמִּדְבָּר ׀ הַגָּדֹל וְהַנּוֹרָא נָחָשׁ ׀ שָׂרָף וְעַקְרָב
וְצִמָּאוֹן אֲשֶׁר אֵין־מָיִם הַמּוֹצִיא לְךָ מַיִם מִצּוּר הַחַלָּמִישׁ׃
16 הַמַּאֲכִלְךָ מָן בַּמִּדְבָּר אֲשֶׁר לֹא־יָדְעוּן אֲבֹתֶיךָ לְמַעַן עַנֹּתְךָ
17 וּלְמַעַן נַסֹּתֶךָ לְהֵיטִבְךָ בְּאַחֲרִיתֶךָ׃ וְאָמַרְתָּ בִּלְבָבֶךָ כֹּחִי
18 וְעֹצֶם יָדִי עָשָׂה לִי אֶת־הַחַיִל הַזֶּה׃ וְזָכַרְתָּ אֶת־יְהוָה
אֱלֹהֶיךָ כִּי הוּא הַנֹּתֵן לְךָ כֹּחַ לַעֲשׂוֹת חָיִל לְמַעַן הָקִים
אֶת־בְּרִיתוֹ אֲשֶׁר־נִשְׁבַּע לַאֲבֹתֶיךָ כַּיּוֹם הַזֶּה׃ פ
19 וְהָיָה אִם־שָׁכֹחַ תִּשְׁכַּח אֶת־יְהוָה אֱלֹהֶיךָ וְהָלַכְתָּ אַחֲרֵי
אֱלֹהִים אֲחֵרִים וַעֲבַדְתָּם וְהִשְׁתַּחֲוִיתָ לָהֶם הַעִדֹתִי בָכֶם
כ הַיּוֹם כִּי אָבֹד תֹּאבֵדוּן׃ כַּגּוֹיִם אֲשֶׁר יְהוָה מַאֲבִיד
מִפְּנֵיכֶם כֵּן תֹּאבֵדוּן עֵקֶב לֹא תִשְׁמְעוּן בְּקוֹל יְהוָה
אֱלֹהֵיכֶם׃ פ

ט

א שְׁמַע יִשְׂרָאֵל אַתָּה עֹבֵר הַיּוֹם אֶת־הַיַּרְדֵּן לָבֹא לָרֶשֶׁת
גּוֹיִם גְּדֹלִים וַעֲצֻמִים מִמֶּךָּ עָרִים גְּדֹלֹת וּבְצֻרֹת בַּשָּׁמָיִם׃
2 עַם־גָּדוֹל וָרָם בְּנֵי עֲנָקִים אֲשֶׁר אַתָּה יָדַעְתָּ וְאַתָּה
3 שָׁמַעְתָּ מִי יִתְיַצֵּב לִפְנֵי בְּנֵי עֲנָק׃ וְיָדַעְתָּ הַיּוֹם כִּי יְהוָה
אֱלֹהֶיךָ הוּא־הָעֹבֵר לְפָנֶיךָ אֵשׁ אֹכְלָה הוּא יַשְׁמִידֵם
וְהוּא יַכְנִיעֵם לְפָנֶיךָ וְהוֹרַשְׁתָּם וְהַאֲבַדְתָּם מַהֵר כַּאֲשֶׁר
4 דִּבֶּר יְהוָה לָךְ׃ אַל־תֹּאמַר בִּלְבָבְךָ בַּהֲדֹף יְהוָה אֱלֹהֶיךָ
אֹתָם ׀ מִלְּפָנֶיךָ לֵאמֹר בְּצִדְקָתִי הֱבִיאַנִי יְהוָה לָרֶשֶׁת
אֶת־הָאָרֶץ הַזֹּאת וּבְרִשְׁעַת הַגּוֹיִם הָאֵלֶּה יְהוָה מוֹרִישָׁם
ה מִפָּנֶיךָ׃ לֹא בְצִדְקָתְךָ וּבְיֹשֶׁר לְבָבְךָ אַתָּה בָא לָרֶשֶׁת אֶת־

דיך, אַז דוּא זָאלְסְט נִיט פֶערְגֶעסֶען דֶעם הַאר דַיין גָאט, צוּ הִיטֶען זַיינֶע מִצְוֹת אוּנְד זַיינֶע מִשְׁפָּטִים אוּנְד זַיינֶע גֶעזֶעץ וָואס אִיךְ גֶעבִּיט דִיר הַיינְט: 12 טָאמֶער, וָוען דוּא וֶועסְט עֶסֶען אוּנְד זַאט וֶוערֶען, אוּנְד גוּטֶע הַייזֶער בּוֹיעֶן אוּנְד אִין זַייא ווְאוֹינֶען: 13 אוּנְד דַיינֶע רִינְדֶער אוּנְד שָׁאף וֶועלֶען זִיךְ פֶערְמֶעהְרֶען, אוּנְד דַיין זִילְבֶּער אוּנְד גָאלְד וֶועט זִיךְ מֶעהְרֶען, אוּנְד אַלֶעם וָואס דוּא הָאסְט וֶועט זִיךְ פֶערְמֶעהְרֶען: 14 אוּנְד דַיין הַארְץ וֶועט דֶערְהֵייכְט וֶוערֶען, אוּנְד דוּא וֶועסְט פֶערְגֶעסֶען דֶעם הַאר דַיין גָאט, וָואס הָאט דִיךְ אַרוֹיסְגֶעבְּרַאכְט אוֹיס דֶעם לַאנְד מִצְרַיִם, פוּן דֶעם דִינְסְטהוֹיז: 15 וָואס הָאט דִיךְ גֶעפִיהְרְט אִין דֶער גְרוֹיסֶע אוּנְד פָארְכְטֶערְלִיכֶע מִדְבָּר, אַוְואוּ עֶס זֶענֶען גֶעוֶועזֶען פֵייעֶרִיגֶע שְׁלַאנְגֶען אוּנְד עֶגְדִישֶׁען, אוּנְד דָארְשְׁטִיגְקֵייט, אוּנְד עֶס אִיז דָארְט נִיט גֶעוֶועזֶען קֵיין וַואסֶער, אָבֶּער עֶר הָאט צוּ דִיר אַרוֹיסְגֶעבְּרַאכְט וַואסֶער פוּן דֶעם שְׁטַארְקֶען פֶעלְזֶענְשְׁטֵיין: 16 דֶער וָואס הָאט דִיךְ גֶעשְׁפֵּייזְט מִיט מָן אִין דֶער מִדְבָּר, וָואס דַיינֶע עֶלְטֶערְן הָאבֶּען נִיט גֶעוְואוּסְט דָאס עֶר זָאל דִיךְ דֶעמִוּטִיגֶען, אוּנְד אַז עֶר זָאל דִיךְ פְּרוּבֶען, כְּדֵי דִיר גוּטֶעס צוּ טְהוּן אִין דַיין סוֹף: 17 אוּנְד וֶוען דוּא וֶועסְט טְרַאכְטֶען אִין דַיין הַארְץ, מַיין כֹּחַ אוּנְד מֵיינֶע שְׁטַארְקֶע מַאכְט הָאט מִיר אָנְגֶעשַׁאפְט דָאס דָאזִיגֶע רֵייכְטוּם: 18 אַזוֹי זָאלְסְט דוּא גֶעדֶענְקֶען אַז עֶס אִיז דֶער הַאר דַיין גָאט; וָוארִין עֶר אִיז עֶס וָואס גִיט דִיר כֹּחַ רֵייכְטוּם אָנְצוּשַׁאפֶען, אַז עֶר זָאל מְקַיֵּים זַיין דַאמִיט זַיין בְּרִית וָואס עֶר הָאט גֶעשְׁוְואוֹירֶען צוּ דַיינֶע עֶלְטֶערְן, אַזוֹי וִויא עֶס אִיז דֶעם הַיינְטִיגֶען טָאג:

19 אוּנְד עֶס וֶועט זַיין, וֶוען דוּא וֶועסְט גֶעוִויס פֶערְגֶעסֶען אָן דֶעם הַאר דַיין גָאט אוּנְד וֶועסְט נָאכְגֵיין אַנְדֶערֶע גֶעטֶער, אוּנְד וֶועסְט זַייא דִינֶען, אוּנְד וֶועסְט דִיךְ צוּ זַייא בִּיקֶען, אַזוֹי בֶּעצֵייג אִיךְ קֶעגֶען אֵייךְ הַיינְט אַז אִיהְר וֶועט גֶעוִויס פֶערְלוֹירֶען וֶוערֶען: 20 אַזוֹי וִויא דִיא פֶעלְקֶער וֶועלְכֶע גָאט הָאט פֶערְטִילְגְט פַאר אֵיירֶע אוֹיגֶען, אַזוֹי וֶועט אִיהְר פֶערְלוֹירֶען וֶוערֶען, וַוייל אִיהְר הָאט נִיט גֶעוָואלְט הֶערֶען אוֹיף דֶעם קוֹל פוּן דֶעם הַאר אֵייעֶר גָאט:

## קאפיטעל ט

1 הֶער צוּ, יִשְׂרָאֵל! דוּא וֶועסְט הַיינְט אִיבֶּערְפָאהְרֶען דֶעם יַרְדֵן, אַרֵיינְצוּקוּמֶען צוּ פֶערְטְרֵייבֶּען דִיא פֶעלְקֶער וָואס זֶענֶען גְרֶעסֶער אוּנְד שְׁטַארְקֶער פוּן דִיר, גְרוֹיסֶע אוּנְד פֶעסְטֶע שְׁטֶעט בִּיז צוּם הִימֶעל: 2 אַ גְרוֹיס אוּנְד הוֹיךְ פָאלְק, דִיא קִינְדֶער פוּן עֲנָק, וָואס דִיא ווֵייסְט אוּנְד דוּא הָאסְט (פוּן זַייא) גֶעהֶערְט, — וֶוער קֶען בֶּעשְׁטֵיין פַאר דִיא קִינְדֶער פוּן עֲנָק? 3 אַזוֹי זָאלְסְט דוּא הַיינְט ווִיסֶען אַז עֶס אִיז דֶער הַאר דַיין גָאט וָואס גֵייט אַרִיבֶּער פַאר דִיר ווִיא אַ פֶערְבְּרֶענֶענְדֶעס פֵייעֶר, עֶר וֶועט זַייא פֶערְטִילְגֶען אוּנְד עֶר וֶועט זַייא אוּנְטֶערְטֶענִיג מַאכֶען פַאר דִיר, אַזוֹי וֶועסְט דוּא זַייא פֶערְטְרֵייבֶּען אוּנְד דוּא וֶועסְט זַייא גֶעשְׁווִינְד פֶערְטִילְגֶען, אַזוֹי ווִיא גָאט הָאט צוּ דִיר גֶערֶעט: 4 דוּא זָאלְסְט נִיט טְרַאכְטֶען אִין דַיין הַארְץ, נָאכְדֶעם דָאס דֶער הַאר דַיין גָאט הָאט זַייא פַאר דִיר פֶערְטְרִיבֶּען אַזוֹי צוּ זָאגֶען, וֶועגֶען מֵיינֶע גֶערֶעכְטִיגְקֵייט הָאט מִיךְ גָאט אַרֵיינְגֶעבְּרַאכְט כְּדֵי דָאס דָאזִיגֶע לַאנְד צוּ יַרְשְׁנֶ׳ן, נֵייעֶרְט עֶס אִיז וֶועגֶען דֶער שְׁלֶעכְטִיגְקֵייט פוּן דִיא דָאזִיגֶע פֶעלְקֶער טְהוּט זַייא גָאט פַאר דִיר פֶערְטְרֵייבֶּען: 5 עֶס אִיז נִיט וֶועגֶען דַיינֶע גֶערֶעכְטִיגְקֵייט, אוּנְד עֶס אִיז אוֹיךְ נִיט וֶועגֶען דִיא רֶעכְט־פֶערְטִיגְקֵייט פוּן דַיין הַארְץ דָאס דוּא קוּמְסְט אַרֵיין זַייעֶר לַאנְד צוּ יַרְשְׁנֶ׳ן;

אַרְצָם כִּי בְּרִשְׁעַת ׀ הַגּוֹיִם הָאֵלֶּה יְהוָה אֱלֹהֶיךָ מוֹרִישָׁם
מִפָּנֶיךָ וּלְמַעַן הָקִים אֶת־הַדָּבָר אֲשֶׁר נִשְׁבַּע יְהוָה לַאֲבֹתֶיךָ
לְאַבְרָהָם לְיִצְחָק וּלְיַעֲקֹב׃ וְיָדַעְתָּ כִּי לֹא בְצִדְקָתְךָ יְהוָה ו
אֱלֹהֶיךָ נֹתֵן לְךָ אֶת־הָאָרֶץ הַטּוֹבָה הַזֹּאת לְרִשְׁתָּהּ כִּי
עַם־קְשֵׁה־עֹרֶף אָתָּה׃ זְכֹר אַל־תִּשְׁכַּח אֵת אֲשֶׁר־הִקְצַפְתָּ ז
אֶת־יְהוָה אֱלֹהֶיךָ בַּמִּדְבָּר לְמִן־הַיּוֹם אֲשֶׁר־יָצָאתָ ׀ מֵאֶרֶץ
מִצְרַיִם עַד־בֹּאֲכֶם עַד־הַמָּקוֹם הַזֶּה מַמְרִים הֱיִיתֶם עִם־
יְהוָה׃ וּבְחֹרֵב הִקְצַפְתֶּם אֶת־יְהוָה וַיִּתְאַנַּף יְהוָה בָּכֶם 8
לְהַשְׁמִיד אֶתְכֶם׃ בַּעֲלֹתִי הָהָרָה לָקַחַת לוּחֹת הָאֲבָנִים 9
לוּחֹת הַבְּרִית אֲשֶׁר־כָּרַת יְהוָה עִמָּכֶם וָאֵשֵׁב בָּהָר אַרְבָּעִים
יוֹם וְאַרְבָּעִים לַיְלָה לֶחֶם לֹא אָכַלְתִּי וּמַיִם לֹא שָׁתִיתִי׃
וַיִּתֵּן יְהוָה אֵלַי אֶת־שְׁנֵי לוּחֹת הָאֲבָנִים כְּתֻבִים בְּאֶצְבַּע י
אֱלֹהִים וַעֲלֵיהֶם כְּכָל־הַדְּבָרִים אֲשֶׁר דִּבֶּר יְהוָה עִמָּכֶם
בָּהָר מִתּוֹךְ הָאֵשׁ בְּיוֹם הַקָּהָל׃ וַיְהִי מִקֵּץ אַרְבָּעִים יוֹם 11
וְאַרְבָּעִים לָיְלָה נָתַן יְהוָה אֵלַי אֶת־שְׁנֵי לֻחֹת הָאֲבָנִים
לֻחוֹת הַבְּרִית׃ וַיֹּאמֶר יְהוָה אֵלַי קוּם רֵד מַהֵר מִזֶּה 12
כִּי שִׁחֵת עַמְּךָ אֲשֶׁר הוֹצֵאתָ מִמִּצְרָיִם סָרוּ מַהֵר מִן־הַדֶּרֶךְ
אֲשֶׁר צִוִּיתִם עָשׂוּ לָהֶם מַסֵּכָה׃ וַיֹּאמֶר יְהוָה אֵלַי לֵאמֹר 13
רָאִיתִי אֶת־הָעָם הַזֶּה וְהִנֵּה עַם־קְשֵׁה־עֹרֶף הוּא׃ הֶרֶף 14
מִמֶּנִּי וְאַשְׁמִידֵם וְאֶמְחֶה אֶת־שְׁמָם מִתַּחַת הַשָּׁמָיִם
וְאֶעֱשֶׂה אוֹתְךָ לְגוֹי־עָצוּם וָרָב מִמֶּנּוּ׃ וָאֵפֶן וָאֵרֵד מִן־ טו
הָהָר וְהָהָר בֹּעֵר בָּאֵשׁ וּשְׁנֵי לוּחֹת הַבְּרִית עַל שְׁתֵּי יָדָי׃
וָאֵרֶא וְהִנֵּה חֲטָאתֶם לַיהוָה אֱלֹהֵיכֶם עֲשִׂיתֶם לָכֶם עֵגֶל 16
מַסֵּכָה סַרְתֶּם מַהֵר מִן־הַדֶּרֶךְ אֲשֶׁר־צִוָּה יְהוָה אֶתְכֶם
וָאֶתְפֹּשׂ בִּשְׁנֵי הַלֻּחֹת וָאַשְׁלִכֵם מֵעַל שְׁתֵּי יָדָי וָאֲשַׁבְּרֵם 17
לְעֵינֵיכֶם׃ וָאֶתְנַפַּל לִפְנֵי יְהוָה כָּרִאשֹׁנָה אַרְבָּעִים יוֹם 18
וְאַרְבָּעִים לַיְלָה לֶחֶם לֹא אָכַלְתִּי וּמַיִם לֹא שָׁתִיתִי עַל

נייעֶרְט עֶס אִיז וֶועגֶען דִיא שְׁלֶעכְטִיגְקֵייט פוּן דִיא דָאזִיגֶע פֶעלְקֶער טְהוּט זֵייא דֶער הַאר דֵיין גָאט פַאר דִיר פֶערטְרֵייבֶּען, כְּדֵי עֶר זָאל בֶּעשְׁטֶעטִיגֶען דָאס וָוארְט וָואס גָאט הָאט גֶעשְׁווָאוירֶען צוּ דֵיינֶע אָבוֹת, צוּ אַבְרָהָם, צוּ יִצְחָק אוּנְד צוּ יַעֲקֹב׃ 6 דָארוּם זָאלְסְט דוּא ווִיסֶען אַז עֶס אִיז נִיט וֶועגֶען דֵיינֶע גֶערֶעכְטִיגְקֵייט דָאס דֶער הַאר דֵיין גָאט גִיבְּט דִיר דָאס דָאזִיגֶע גוּטֶע לַאנְד צוּ יַרְשְׁנ׳ן; וָוארִין דוּא בִּיזְט אַ הַארְט־נֶעקִיגֶעם פָאלְק׃ 7 גֶעדֶענְק! אוּנְד פֶערְגֶעס נִיט, ווִיא דוּא הָאסְט דֶערְצָארְנְט דֶעם הַאר דֵיין גָאט אִין דֶער מִדְבָּר, פוּן דֶעם טָאג אָן וָואס דוּא בִּיזְט אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען אוֹיס מִצְרַיִם בִּיז אִיהְר זֶענְט גֶעקוּמֶען צוּ דֶעם דָאזִיגֶען אָרְט זֶענְט אִיהְר גֶעוֶועזֶען ווִידֶערְשְׁפֶּענִי־גֶער קֶעגֶען גָאט׃ 8 אוּנְד אִין חוֹרֵב הָאט אִיהְר גָאט דֶערְצָארְנְט, אוּנְד גָאט הָאט אִיבֶּער אֵייךְ גֶעצָארְנְט כְּדֵי אֵייךְ צוּ פֶערְטִילְגֶען׃ 9 וֶוען אִיךְ בִּין אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען אוֹיף דֶעם בַּארְג צוּ נֶעמֶען דִיא שְׁטֵיינֶערְנֶע טָאבֶעלְן, דִיא טָאבֶעלְן פוּן דֶעם בְּרִית, מִיט וֶועלְכֶע גָאט הָאט מִיט אֵייךְ כּוֹרֵת בְּרִית גֶעוֶועזֶען, וֶוען אִיךְ בִּין גֶעבְּלִיבֶּען אוֹיף דֶעם בַּארְג פִירְצִיג טֶעג אוּנְד פִירְצִיג נֶעכְט, אַזוֹי הָאבּ אִיךְ קֵיין בְּרוֹיט גֶעגֶעסֶען אוּנְד קֵיין וַואסֶער גֶעטְרוּנְקֶען׃ 10 אוּנְד גָאט הָאט צוּ מִיר גֶעגֶעבֶּען דִיא צְווֵייא שְׁטֵיינֶערְנֶע לוּחוֹת גֶעשְׁרִיבֶּען מִיט דֶעם פִינְגֶער פוּן גָאט, אוּנְד אוֹיף זֵייא זֶענֶען גֶעוֶועזֶען אַלֶע וֶוערְטֶער וָואס גָאט הָאט מִיט אֵייךְ גֶערֶעט אוֹיף דֶעם בַּארְג, פוּן צְווִי־שֶׁען דֶעם פֵייעֶר, אִין דֶעם טָאג פוּן דֶער פֶערְזַאמְלוּנְג׃ 11 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אַן דֶעם עֶנְד פוּן דִיא פִירְצִיג טֶעג אוּנְד פִירְצִיג נֶעכְט אַזוֹי הָאט מִיר גָאט גֶעגֶעבֶּען דִיא צְווֵייא שְׁטֵיינֶערְנֶע טָאבֶעלְן, דִיא טָאבֶעלְן פוּן דֶעם בְּרִית׃ 12 אוּנְד גָאט הָאט צוּ מִיר גֶעזָאגְט, שְׁטֵייא אוֹיף, גֵייא גֶעשְׁווִינְד אַרוּפּ פוּן דַאנֶען, וָוארִין דָאס פָאלְק וָואס דוּא הָאסְט אַרוֹיסְגֶעבְּרֶענְגְט אוֹיס מִצְרַיִם הָאט זִיךְ פֶערְדָארְבֶּען, זֵייא הָאבֶּען זִיךְ בַּאלְד אָפְּגֶעקֶעהְרְט פוּן דֶעם וֶועג וָואס אִיךְ הָאבּ זֵייא גֶעבָּאטֶען, זֵייא הָאבֶּען זִיךְ גֶעמַאכְט אַ גֶעגָאסֶענֶעם (קַאלְבּ)׃ 13 אוּנְד גָאט הָאט צוּ מִיר גֶעזָאגְט, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, אִיךְ הָאבּ אָנְגֶעזֶעהֶען דָאס דָאזִיגֶע פָאלְק, אוּנְד זֶעה, עֶס אִיז אַ הַארְטְנֶעקִיגֶעם פָאלְק׃ 14 לָאז אָפּ פוּן מִיר, אוּנְד אִיךְ וֶועל זֵייא פֶערְטִילְגֶען, אוּנְד אִיךְ וֶועל אוֹיסְמֶעקֶען זֵייעֶר נָאמֶען פוּן אוּנְטֶער דֶעם הִימֶעל, אוּנְד אִיךְ וֶועל דִיךְ מַאכֶען צוּ אַ שְׁטַארְק פָאלְק אוּנְד מֶעהְר ווִיא זֵייא זֶענֶען׃ 15 אַזוֹי הָאבּ אִיךְ מִיךְ אוּמְגֶעקֶעהְרְט אוּנְד בִּין אַרוּפְּגֶעגַאנְגֶען פוּן דֶעם בַּארְג, אוּנְד דֶער בַּארְג הָאט גֶעבְּרֶענְט מִיט פֵייעֶר, אוּנְד דִיא צְווֵייא טָאבֶעלְן זֶענֶען גֶעוֶועזֶען אִין מֵיינֶע צְווֵייא הֶענְד׃ 16 אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען, אוּנְד זֶעה, אִיהְר הָאט גֶעזִינְדִיגְט קֶעגֶען דֶעם הַאר אֵייעֶר גָאט, (ווייל) אִיהְר הָאט אֵייךְ גֶעמַאכְט אַ גֶעגָאסֶענֶעם קַאלְבּ, אִיהְר הָאט גֶעשְׁווִינְד אָפְּגֶעקֶעהְרְט פוּן דֶעם וֶועג וָואס גָאט הָאט אֵייךְ גֶעבָּאטֶען׃ 17 אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶענוּמֶען דִיא צְווֵייא לוּחוֹת אוּנְד אִיךְ הָאבּ זֵייא אַוֶועקְגֶעוָוארְפֶען פוּן מֵיינֶע צְווֵייא הֶענְד, אוּנְד אִיךְ הָאבּ זֵייא צֶערְבְּרָאכֶען פַאר אֵיירֶע אוֹיגֶען׃ 18 אוּנְד אִיךְ בִּין אַנִידֶערְגֶעפַאלֶען פַאר גָאט אַזוֹי ווִיא צוּם עֶרְשְׁטֶען. פִירְצִיג טֶעג אוּנְד פִירְצִיג נֶעכְט, אִיךְ הָאבּ קֵיין בְּרוֹיט גֶעגֶעסֶען אוּנְד קֵיין וַואסֶער גֶעטְרוּנְקֶען, וֶועגֶען

אלע

כל־חטאתכם אשר חטאתם לעשות הרע בעיני יהוה
19 להכעיסו: כי יגרתי מפני האף והחמה אשר קצף יהוה
עליכם להשמיד אתכם וישמע יהוה אלי גם בפעם
כ ההוא: ובאהרן התאנף יהוה מאד להשמידו ואתפלל
21 גם־בעד אהרן בעת ההוא: ואת־חטאתכם אשר־עשיתם
את־העגל לקחתי ואשרף אתו ׀ באש ואכת אתו טחון
היטב עד אשר־דק לעפר ואשלך את־עפרו אל־הנחל
22 הירד מן־ההר: ובתבערה ובמסה ובקברת התאוה
23 מקצפים הייתם את־יהוה: ובשלח יהוה אתכם מקדש
ברנע לאמר עלו ורשו את־הארץ אשר נתתי לכם
ותמרו את־פי יהוה אלהיכם ולא האמנתם לו ולא
24 שמעתם בקלו: ממרים הייתם עם־יהוה מיום דעתי
כה אתכם: ואתנפל לפני יהוה את ארבעים היום ואת־
ארבעים הלילה אשר התנפלתי כי־אמר יהוה להשמיד
26 אתכם: ואתפלל אל־יהוה ואמר אדני יהוה אל־תשחת
עמך ונחלתך אשר פדית בגדלך אשר־הוצאת ממצרים
27 ביד חזקה: זכר לעבדיך לאברהם ליצחק וליעקב אל־
28 תפן אל־קשי העם הזה ואל־רשעו ואל־חטאתו: פן־יאמרו
הארץ אשר הוצאתנו משם מבלי יכלת יהוה להביאם
אל־הארץ אשר־דבר להם ומשנאתו אותם הוציאם
29 להמתם במדבר: והם עמך ונחלתך אשר הוצאת בכחך
הגדל ובזרעך הנטויה: פ

י

א בעת ההוא אמר יהוה אלי פסל־לך שני־לוחת אבנים
2 כראשנים ועלה אלי ההרה ועשית לך ארון עץ: ואכתב
על־הלחת את־הדברים אשר היו על־הלחת הראשנים
3 אשר שברת ושמתם בארון: ואעש ארון עצי שטים

אלע אייערע זינד מיט וואס איהר האט געזינדיגט, דאס שלעכטע צו טהון אין דיא אויגען פון גאט, איהם צו דערצארנען: 19 ווארין איך האב מיך געפארכטען פאר דעם צארן אונד דעם גרים וואס גאט האט איבער אייך געצארנט אייך צו פערטילגען; אבער גאט האט מיך צוגעהערט צו דערזעלביגער צייט: 20 אונד אויך איבער אהרן האט גאט זעהר געצארנט כדי איהם צו פערטילגען, אבער, איך האב אויך געבעטען פאר אהרן צו דערזעלביגער צייט: 21 אונד אייערע זינד וואס איהר האט געטהון—דאס קאלב האב איך גענומען אונד האב עס פערברענט אין דעם פייער, אונד איך האב עס צושטויסען, אונד עס גוט געמולען ביז עס איז געוועזען דין וויא שטויב, אונד איך האב דעם שטויב געווארפען אויף דעם טייך וואס גייט אראפ פון דעם בארג: 22 אונד אין תבערה, אונד אין מסה, אונד אין קברות התאוה האט איהר (אויך) גאט דערצארנט: 23 אונד ווען גאט האט אייך געשיקט פון קדש ברנע אזוי צו זאגען, גייט ארויף אונד ירשת דאס לאנד וואס איך האב צו אייך געגעבען, אזוי האט איהר ווידערגע־שפעניגט קעגען דעם בעפעהל פון דעם האר אייער גאט, אונד איהר האט איהם ניט געגלויבט, אונד איהר האט (אויך) ניט געוואלט הערען צו זיין קול: 24 איהר זענט געוועזען ווידערשפעניג קעגען גאט פון דעם טאג אן וואס איך האב אייך דערקענט: 25 אונד איך בין אנידערגעפאלען פאר גאט דיא פירציג טעג אונד דיא פירציג נעכט, ווארין גאט האט געזאגט אז ער וועט אייך פערטילגען: 26 אונד איך האב געבעטען צו גאט, אונד איך האב געזאגט, א האר גאט! (איך בעט דיך) פערדארב ניט דיין פאלק אונד דיין ערבטייל וואס דוא האסט אויסגעלייזט דורך דיינע גרויסקייט, וואס דוא האסט זייא ארויסגעצויגען אויס מצרים מיט א שטארקע האנד: 27 געדענק צו דיינע קנעכט, צו אברהם, צו יצחק אונד צו יעקב, קעהר דיך ניט צו דער הארט־נעקיגקייט פון דעם דאזיגען פאלק, אונד צו זיין רשעת אונד צו זיינע זינד: 28 טאמער וועלען דיא איינוואוינער פון דעם לאנד זאגען, וואס דוא האסט אונס פון דארט ארויסגעבראכט, ווייל גאט איז ניט אים שטאנד זייא אריינצובריינגען אין דעם לאנד וואס ער האט צו זייא צוגעזאגט, אונד ווייל ער האט זייא פיינד אזוי האט ער זייא ארויסגעבראכט כדי זייא צו טייטען אין דער מדבר: 29 אבער זייא זענען דיין פאלק, אונד דיין ערבטייל, וואס דוא האסט ארויסגעצויגען מיט דיין גרויסען כח אונד מיט דיין אויסגעשטרעקטען ארעם:

## קאפיטעל י

1 אין דערזעלביגער צייט האט גאט צו מיר געזאגט, האק דיר אויס צוויא שטיינערנע טאבעלן אזוי וויא דיא ערשטע, אונד גייא ארויף אויף דעם בארג, אונד דוא זאלסט דיר מאכען איין ארון פון האלץ: 2 אונד איך וועל שרייבען אויף דיא לחת דיא ווערטער וואס זענען געוועזען אויף דיא ערשטע לחת, וועלכע דוא האסט צערבראכען, אונד דוא זאלסט זייא אריינלייגען אין דעם ארון: 3 אזוי האב איך געמאכט איין ארון פון שטים האלץ, אונד איך האב

2 מֵהֶם הָשֵׁב תְּשִׁיבֵם לְאָחִיךָ׃ וְאִם־לֹא קָרוֹב אָחִיךָ אֵלֶיךָ
וְלֹא יְדַעְתּוֹ וַאֲסַפְתּוֹ אֶל־תּוֹךְ בֵּיתֶךָ וְהָיָה עִמְּךָ עַד דְּרֹשׁ
3 אָחִיךָ אֹתוֹ וַהֲשֵׁבֹתוֹ לוֹ׃ וְכֵן תַּעֲשֶׂה לַחֲמֹרוֹ וְכֵן תַּעֲשֶׂה
לְשִׂמְלָתוֹ וְכֵן תַּעֲשֶׂה לְכָל־אֲבֵדַת אָחִיךָ אֲשֶׁר־תֹּאבַד
4 מִמֶּנּוּ וּמְצָאתָהּ לֹא תוּכַל לְהִתְעַלֵּם׃ ס לֹא־תִרְאֶה
אֶת־חֲמוֹר אָחִיךָ אוֹ שׁוֹרוֹ נֹפְלִים בַּדֶּרֶךְ וְהִתְעַלַּמְתָּ מֵהֶם
ה הָקֵם תָּקִים עִמּוֹ׃ ס לֹא־יִהְיֶה כְלִי־גֶבֶר עַל־אִשָּׁה
וְלֹא־יִלְבַּשׁ גֶּבֶר שִׂמְלַת אִשָּׁה כִּי תוֹעֲבַת יְהוָה אֱלֹהֶיךָ
כָּל־עֹשֵׂה אֵלֶּה׃ פ
6 כִּי יִקָּרֵא קַן־צִפּוֹר ׀ לְפָנֶיךָ בַּדֶּרֶךְ בְּכָל־עֵץ ׀ אוֹ עַל־
הָאָרֶץ אֶפְרֹחִים אוֹ בֵיצִים וְהָאֵם רֹבֶצֶת עַל־הָאֶפְרֹחִים
7 אוֹ עַל־הַבֵּיצִים לֹא־תִקַּח הָאֵם עַל־הַבָּנִים׃ שַׁלֵּחַ תְּשַׁלַּח
אֶת־הָאֵם וְאֶת־הַבָּנִים תִּקַּח־לָךְ לְמַעַן יִיטַב לָךְ וְהַאֲרַכְתָּ
8 יָמִים׃ ס כִּי תִבְנֶה בַּיִת חָדָשׁ וְעָשִׂיתָ מַעֲקֶה לְגַגֶּךָ
9 וְלֹא־תָשִׂים דָּמִים בְּבֵיתֶךָ כִּי־יִפֹּל הַנֹּפֵל מִמֶּנּוּ׃ לֹא־
תִזְרַע כַּרְמְךָ כִּלְאָיִם פֶּן־תִּקְדַּשׁ הַמְלֵאָה הַזֶּרַע אֲשֶׁר תִּזְרָע
י וּתְבוּאַת הַכָּרֶם׃ ס לֹא־תַחֲרֹשׁ בְּשׁוֹר־וּבַחֲמֹר יַחְדָּו׃
11 12 לֹא תִלְבַּשׁ שַׁעַטְנֵז צֶמֶר וּפִשְׁתִּים יַחְדָּו׃ ס גְּדִלִים
תַּעֲשֶׂה־לָּךְ עַל־אַרְבַּע כַּנְפוֹת כְּסוּתְךָ אֲשֶׁר תְּכַסֶּה־בָּהּ׃
13 14 ס כִּי־יִקַּח אִישׁ אִשָּׁה וּבָא אֵלֶיהָ וּשְׂנֵאָהּ׃ וְשָׂם לָהּ
עֲלִילֹת דְּבָרִים וְהוֹצִא עָלֶיהָ שֵׁם רָע וְאָמַר אֶת־הָאִשָּׁה
הַזֹּאת לָקַחְתִּי וָאֶקְרַב אֵלֶיהָ וְלֹא־מָצָאתִי לָהּ בְּתוּלִים׃
טו וְלָקַח אֲבִי הַנַּעֲרָ וְאִמָּהּ וְהוֹצִיאוּ אֶת־בְּתוּלֵי הַנַּעֲרָ אֶל־
16 זִקְנֵי הָעִיר הַשָּׁעְרָה׃ וְאָמַר אֲבִי הַנַּעֲרָ אֶל־הַזְּקֵנִים אֶת־
17 בִּתִּי נָתַתִּי לָאִישׁ הַזֶּה לְאִשָּׁה וַיִּשְׂנָאֶהָ׃ וְהִנֵּה־הוּא
שָׂם עֲלִילֹת דְּבָרִים לֵאמֹר לֹא־מָצָאתִי לְבִתְּךָ בְּתוּלִים
וְאֵלֶּה בְּתוּלֵי בִתִּי וּפָרְשׂוּ הַשִּׂמְלָה לִפְנֵי זִקְנֵי הָעִיר׃

דיך פאר זייא פערהוילען, נייערט דוא זאלסט זייא צוריקברענגען צו דיין ברודער: 2 אונד ווען דיין ברודער איז ניט נאהענט פון דיר, אונד דוא קענסט איהם ניט, אזוי זאלסט דוא עס אריינברענגען צו דיין הויז, אונד עס זאל מיט דיר זיין ביז דיין ברודער זוכט איהם, אונד דוא זאלסט עס צו איהם ווידערקעהרען: 3 אונד אזוי זאלסט דוא אויך טהון צו זיין אייזעל, אונד אזוי זאלסט דוא טהון צו זיין קלייד, אונד אזוי זאלסט דוא טהון צו אלעם וואס דיין ברודער פערלירט, ווען עס איז פון איהם פערלוירען געוואָרען אונד דוא האסט עס געפינען; דוא טאָרסט דיך ניט פערהוילען: 4 דוא זאלסט ניט זעהען דיין ברודער׳ס אייזעל אָדער זיין אָקס פאלען אויף דעם וועג אונד דיך פאר זייא פערהוילען, נייערט דוא זאלסט זייא מיט איהם אויפריכטען: 5 עס טאָר ניט זיין א קלייד פון א מאנספערזוין אויף א ווייב, אונד א מאנספערזוין טאָר ניט אָנטהון א קלייד פון א ווייב, וואָרין עס איז איינע אומווירדיגקייט צו דעם האר דיין גאָט פאר אלע וואס טהון דאס דאזיגע:

6 ווען עס וועט זיך פאר דיר אנטרעפען א נעסט מיט פייגעלעך אויף דעם וועג אין אירגענד א בוים, אָדער אויף דער ערד, מיט יונגע פייגעלעך אָדער אייער, אונד דיא מוטער זיצט איבער דיא יונגע פייגעלעך אָדער איבער דיא אייער, אזוי זאלסט דוא ניט נעמען דיא מוטער מיט דיא יונגען: 7 דיא מוטער זאלסט דוא אוועקשיקען אונד דיא יונגען זאלסט דוא צו דיר נעמען, אז עס זאל דיר גוט זיין, אונד דיינע טעג זאלען זיך פערלענגערן: 8 ווען דוא וועסט בויען א נייעם הויז, אזוי זאלסט דוא מאכען א געלענדער צו דיין דאך, אז דוא זאלסט ניט ברענגען א שולד פון בלוט איבער דיין הויז, ווען איינער וועט דאפון ארופפאלען: 9 דוא זאלסט ניט דיין וויינגארטען בעזייען מיט געמישטע זאמען, אז דער פולער זאמען וואס דוא זייעסט אין דיין וויינגארטען אונד דיא תבואה זאל ניט פעראומהייליגט ווערען: 10 דוא זאלסט ניט אקערען מיט אן אָקס אונד אן אייזעל צוזאמען: 11 דוא זאלסט דיך ניט בעקליידען מיט שעטנז, וואָל אונד פלאקס צוזאמען: 12 דוא זאלסט דיר מאכען א פלעכטונג אויף דיא פיער עקען פון דיין קלייד, מיט וואס דוא טהוסט דיך בעדעקען: 13 ווען א מאן נעמט א ווייב אונד קומט צו איהר, אונד ער האט זיא פיינד: 14 אונד ער טהוט איהר שענדליכע זאכען, אונד ער וועט ווענען איהר ארויסברענגען א שלעכטען נאָמען, אונד ער וועט זאגען, איך האב גענומען דאס דאזיגע ווייב, אונד ווען איך בין צו איהר נאהענט געקומען האב איך געפונען אז זיא איז ניט א בתולה: 15 אזוי זאל דער פאטער אונד דיא מוטער פון דיא יונגפרויא ארויסברענגען דיא צייכען פון א בתולה פון דער יונגפרויא צו דיא עלצטע פון דיא שטאָט צום טויער: 16 אונד דער פאטער פון דער יונגפרויא זאל זאגען צו דיא עלצטע, איך האב געגעבען מיינע טאכטער צו דעם דאזיגען מאן פאר א ווייב, אונד ער האט זיא פיינד: 17 אונד זעהט, ער האט איהר אנגעטהון שענדליכע זאכען, אזוי צו זאגען, איך האב געפונען אז דיינע טאכטער איז ניט א בתולה, אונד דיא דאזיגע זענען דיא צייכען אז מיינע טאכטער איז א בתולה, אונד ער זאל אויסשפרייטען דאס קלייד פאר דיא עלצטע פון דיא שטאָט:

אזוי

18 אַזוֹי זָאלֶען דִיא עֶלְצְטֶע פוּן דֶער־זֶעלְבִּיגֶער שְׁטָאט נֶעמֶען דֶעם מַאן אוּנְד אִיהְם שְׁטְרָאפֶען: 19 אוּנְד זֵייא זָאלֶען אִיהְם שְׁטְרָאפֶען מִיט הוּנְדֶערְט (שֶׁקֶל) זִילְבֶּער, אוּנְד זֵייא זָאלֶען עֶס גֶעבֶּען צוּ דֶעם פָאטֶער פוּן דִיא יוּנְגפְרוֹיא, וֵוייל עֶר הָאט אַרוֹיסְגֶעבְּרַאכְט אַ שְׁלֶעכְטֶען נָאמֶען אוֹיף אַ בְּתוּלָה אִין יִשְׂרָאֵל, אוּנְד זִיא זָאל זַיין צוּ אִיהְם פַאר אַ וַוייבּ, עֶר טָאר זִיא נִיט אַוֶועקְשִׁיקֶען אַלֶע זַיינֶע טֶעג: 20 אוּנְד וֶוען דִיא דָאזִיגֶע זַאךְ אִיז וָואהְר, עֶר הָאט גֶעפוּנֶען אַז דָאס מֵיידֶעל אִיז נִיט קֵיין בְּתוּלָה: 21 אַזוֹי זָאל דָאס מֵיידֶעל אַרוֹיסְגֶעבְּרַאכְט וֶוערֶען צוּ דֶער טִיר פוּן אִיהְר פָאטֶער'ס הוֹיז, אוּנְד אִיהְרֶע שְׁטָאטלֵייט זָאלֶען זִיא שְׁטֵיינִיגֶען מִיט שְׁטֵיינֶער אוּנְד זִיא זָאל שְׁטַארְבֶּען, וָוארִין זִיא הָאט גֶעטְהוּן אַ שַׁאלְקְהַאפְטִיגְקֵייט אִין יִשְׂרָאֵל, זִיךְ מְזַנֶה צוּ זַיין אִין אִיהְר פָאטֶער'ס הוֹיז, אַזוֹי וֶועסְט דוּא אוֹיסְרוֹימֶען דָאס שְׁלֶעכְטֶע פוּן צְוִוישֶׁען דִיר: 22 וֶוען עֶס וֶועט גֶעפוּנֶען וֶוערֶען אַ מַאן וָואס לִיגְט מִיט אַ וַוייבּ וָואס גֶעהֶערְט צוּ אַ מַאן, אַזוֹי זָאלֶען בֵּיידֶע גֶעטֵייט וֶוערֶען, דֶער מַאן אוּנְד דָאס וַוייבּ מִיט וֶועלְכֶע עֶר אִיז גֶעלֶעגֶען, אוּנְד דוּא וֶועסְט אוֹיסְרוֹימֶען דָאס שְׁלֶעכְטֶע פוּן יִשְׂרָאֵל: 23 וֶוען עֶס וֶועט זַיין אַ מֵיידֶעל וָואס אִיז אַ בְּתוּלָה, פַארְקְנַאסְט צוּ אַ מַאן, אוּנְד אַ מַאן גֶעפִינְט זִיא אִין דִיא שְׁטָאט אוּנְד עֶר לִיגְט מִיט אִיהְר: 24 אַזוֹי זָאלֶען בֵּיידֶע אַרוֹיסְגֶעבְּרַאכְט וֶוערֶען צוּ דֶעם טוֹיעֶר פוּן דֶער דָאזִיגֶע שְׁטָאט, אוּנְד זֵייא זָאלֶען גֶעשְׁטֵיינִיגְט וֶוערֶען מִיט שְׁטֵיינֶער אוּנְד זֵייא זָאלֶען שְׁטַארְבֶּען, דָאס מֵיידֶעל וַוייל זִיא הָאט נִיט גֶעשְׁרִיגֶען אִין דִיא שְׁטָאט, אוּנְד דֶער מַאן וַוייל עֶר הָאט גֶעפֵּיינִיגְט דָאס וַוייבּ פוּן זַיין חָבֵר, אוּנְד דוּא וֶועסְט אוֹיסְרוֹימֶען דָאס שְׁלֶעכְטֶע פוּן צְוִוישֶׁען דִיר: 25 אוּנְד וֶוען דֶער מַאן גֶעפִינְט דָאס מֵיידֶעל וָואס אִיז פַארְקְנַאסְט אוֹיף דֶעם פֶעלְד, אוּנְד דֶער מַאן וֶועט זִיא שְׁטַארְק אָנְגְרֵייפֶען אוּנְד וֶועט מִיט אִיהְר לִיגֶען, אַזוֹי זָאל דֶער מַאן וָואס הָאט מִיט אִיהְר גֶעלֶעגֶען אַלֵיין גֶעטֵייט וֶוערֶען: 26 אָבֶּער צוּ דֶעם מֵיידֶעל זָאל גָאר נִיט גֶעטְהוּן וֶוערֶען, דָאס מֵיידֶעל הָאט נִיט גֶעזִינְדִיגְט צוּם טוֹיט, וָוארִין אַזוֹי וִויא אֵיינֶער שְׁטֵייט אוֹיף קֶעגֶען זַיין חָבֵר אִיהְם צוּ הַארְגְנֶען, אַזוֹי אִיז אוֹיךְ דִיא דָאזִיגֶע זַאךְ: 27 וָוארִין עֶר הָאט זִיא גֶעפוּנֶען אוֹיף דֶעם פֶעלְד, דָאס מֵיידֶעל וָואס אִיז פַארְקְנַאסְט הָאט גֶעשְׁרִיגֶען, אָבֶּער עֶס הָאט אִיהְר קֵיינֶער נִיט גֶעהָאלְפֶען: 28 וֶוען אַ מַאן גֶעפִינְט אַ מֵיידֶעל, אַ בְּתוּלָה, וָואס אִיז נִיט פַארְקְנַאסְט, אוּנְד עֶר עֶרְגְרֵייפְט זִיא, אוּנְד לִיגְט מִיט אִיהְר, אוּנְד זֵייא וֶועלֶען גֶעפוּנֶען וֶוערֶען: 29 אַזוֹי זָאל דֶער מַאן וָואס אִיז מִיט אִיהְר גֶעלֶעגֶען גֶעבֶּען צוּ דֶעם פָאטֶער פוּן דֶעם מֵיידֶעל פוּפְצִיג שֶׁקֶל זִילְבֶּער, אוּנְד זִיא זָאל צוּ אִיהְם זַיין פַאר אַ וַוייבּ, וַוייל עֶר הָאט זִיא גֶעפֵּיינִיגְט, עֶר טָאר זִיא נִיט אַוֶועקְשִׁיקֶען אַלֶע זַיינֶע טֶעג:

18 וְלָקְחוּ זִקְנֵי הָעִיר־הַהִוא אֶת־הָאִישׁ וְיִסְּרוּ אֹתוֹ: וְעָנְשׁוּ
19 אֹתוֹ מֵאָה כֶסֶף וְנָתְנוּ לַאֲבִי הַנַּעֲרָה כִּי הוֹצִיא שֵׁם רָע
עַל בְּתוּלַת יִשְׂרָאֵל וְלוֹ־תִהְיֶה לְאִשָּׁה לֹא־יוּכַל לְשַׁלְּחָהּ
כָּל־יָמָיו: ס וְאִם־אֱמֶת הָיָה הַדָּבָר הַזֶּה לֹא־נִמְצְאוּ כ
בְתוּלִים לַנַּעֲרָ: וְהוֹצִיאוּ אֶת־הַנַּעֲרָ אֶל־פֶּתַח בֵּית־אָבִיהָ 21
וּסְקָלוּהָ אַנְשֵׁי עִירָהּ בָּאֲבָנִים וָמֵתָה כִּי־עָשְׂתָה נְבָלָה
בְּיִשְׂרָאֵל לִזְנוֹת בֵּית אָבִיהָ וּבִעַרְתָּ הָרָע מִקִּרְבֶּךָ: ס
כִּי־יִמָּצֵא אִישׁ שֹׁכֵב ׀ עִם־אִשָּׁה בְעֻלַת־בַּעַל וּמֵתוּ גַּם־ 22
שְׁנֵיהֶם הָאִישׁ הַשֹּׁכֵב עִם־הָאִשָּׁה וְהָאִשָּׁה וּבִעַרְתָּ הָרָע
מִיִּשְׂרָאֵל: ס כִּי יִהְיֶה נַעֲרָ בְתוּלָה מְאֹרָשָׂה לְאִישׁ 23
וּמְצָאָהּ אִישׁ בָּעִיר וְשָׁכַב עִמָּהּ: וְהוֹצֵאתֶם אֶת־שְׁנֵיהֶם 24
אֶל־שַׁעַר ׀ הָעִיר הַהִוא וּסְקַלְתֶּם אֹתָם בָּאֲבָנִים וָמֵתוּ אֶת־
הַנַּעֲרָ עַל־דְּבַר אֲשֶׁר לֹא־צָעֲקָה בָעִיר וְאֶת־הָאִישׁ עַל־
דְּבַר אֲשֶׁר־עִנָּה אֶת־אֵשֶׁת רֵעֵהוּ וּבִעַרְתָּ הָרָע מִקִּרְבֶּךָ:
ס וְאִם־בַּשָּׂדֶה יִמְצָא הָאִישׁ אֶת־הַנַּעֲרָ הַמְאֹרָשָׂה כה
וְהֶחֱזִיק־בָּהּ הָאִישׁ וְשָׁכַב עִמָּהּ וּמֵת הָאִישׁ אֲשֶׁר־שָׁכַב
עִמָּהּ לְבַדּוֹ: וְלַנַּעֲרָ לֹא־תַעֲשֶׂה דָבָר אֵין לַנַּעֲרָ חֵטְא מָוֶת 26
כִּי כַּאֲשֶׁר יָקוּם אִישׁ עַל־רֵעֵהוּ וּרְצָחוֹ נֶפֶשׁ כֵּן הַדָּבָר
הַזֶּה: כִּי בַשָּׂדֶה מְצָאָהּ צָעֲקָה הַנַּעֲרָ הַמְאֹרָשָׂה וְאֵין 27
מוֹשִׁיעַ לָהּ: ס כִּי־יִמְצָא אִישׁ נַעֲרָ בְתוּלָה אֲשֶׁר לֹא־ 28
אֹרָשָׂה וּתְפָשָׂהּ וְשָׁכַב עִמָּהּ וְנִמְצָאוּ: וְנָתַן הָאִישׁ הַשֹּׁכֵב 29
עִמָּהּ לַאֲבִי הַנַּעֲרָ חֲמִשִּׁים כָּסֶף וְלוֹ־תִהְיֶה לְאִשָּׁה תַּחַת
אֲשֶׁר עִנָּהּ לֹא־יוּכַל שַׁלְּחָהּ כָּל־יָמָיו: ס

כג
כו

לֹא־יִקַּח אִישׁ אֶת־אֵשֶׁת אָבִיו וְלֹא יְגַלֶּה כְּנַף אָבִיו: ס א
לֹא־יָבֹא פְצוּעַ־דַּכָּה וּכְרוּת שָׁפְכָה בִּקְהַל יְהוָה: ס 2
לֹא־יָבֹא מַמְזֵר בִּקְהַל יְהוָה גַּם דּוֹר עֲשִׂירִי לֹא־יָבֹא לוֹ 3

## קאפיטעל כג

1 אַ מַאן טָאר נִיט נֶעמֶען דָאס וַוייבּ פוּן זַיין פָאטֶער, אַז עֶר זָאל נִיט אַנְטְפְּלֶעקֶען דִיא שַׁאנְד פוּן זַיין פָאטֶער: 2 עֶס זָאל נִיט קוּמֶען קֵיין צוּשְׁטוּסֶענֶער אוּנְד קֵיין פֶערְשְׁנִיטֶענֶער אִין דֶער קְהִלָּה פוּן גָאט: 3 עֶס זָאל נִיט קוּמֶען קֵיין מַמְזֵר אִין דֶער קְהִלָּה פוּן גָאט, אֲפִילוּ דָאס צֶעהְנְטֶע (דוֹר) גֶעשְׁלֶעכְט פוּן אִיהְם, זָאל נִיט קוּמֶען
אִין

4 בִּקְהַל יְהוָה׃ ס לֹא־יָבֹא עַמּוֹנִי וּמוֹאָבִי בִּקְהַל
יְהוָה גַּם דּוֹר עֲשִׂירִי לֹא־יָבֹא לָהֶם בִּקְהַל יְהוָה עַד־
ה עוֹלָם׃ עַל־דְּבַר אֲשֶׁר לֹא־קִדְּמוּ אֶתְכֶם בַּלֶּחֶם וּבַמַּיִם
בַּדֶּרֶךְ בְּצֵאתְכֶם מִמִּצְרָיִם וַאֲשֶׁר שָׂכַר עָלֶיךָ אֶת־בִּלְעָם
6 בֶּן־בְּעוֹר מִפְּתוֹר אֲרַם נַהֲרַיִם לְקַלְלֶךָּ׃ וְלֹא־אָבָה יְהוָה
אֱלֹהֶיךָ לִשְׁמֹעַ אֶל־בִּלְעָם וַיַּהֲפֹךְ יְהוָה אֱלֹהֶיךָ לְּךָ אֶת־
7 הַקְּלָלָה לִבְרָכָה כִּי אֲהֵבְךָ יְהוָה אֱלֹהֶיךָ׃ לֹא־תִדְרֹשׁ
8 שְׁלֹמָם וְטֹבָתָם כָּל־יָמֶיךָ לְעוֹלָם׃ ס לֹא־תְתַעֵב
אֲדֹמִי כִּי אָחִיךָ הוּא לֹא־תְתַעֵב מִצְרִי כִּי־גֵר הָיִיתָ
9 בְאַרְצוֹ׃ בָּנִים אֲשֶׁר־יִוָּלְדוּ לָהֶם דּוֹר שְׁלִישִׁי יָבֹא לָהֶם
י בִּקְהַל יְהוָה׃ ס כִּי־תֵצֵא מַחֲנֶה עַל־אֹיְבֶיךָ וְנִשְׁמַרְתָּ
11 מִכֹּל דָּבָר רָע׃ כִּי־יִהְיֶה בְךָ אִישׁ אֲשֶׁר לֹא־יִהְיֶה
טָהוֹר מִקְּרֵה־לָיְלָה וְיָצָא אֶל־מִחוּץ לַמַּחֲנֶה לֹא יָבֹא
12 אֶל־תּוֹךְ הַמַּחֲנֶה׃ וְהָיָה לִפְנוֹת־עֶרֶב יִרְחַץ בַּמָּיִם
13 וּכְבֹא הַשֶּׁמֶשׁ יָבֹא אֶל־תּוֹךְ הַמַּחֲנֶה׃ וְיָד תִּהְיֶה לְךָ
14 מִחוּץ לַמַּחֲנֶה וְיָצָאתָ שָׁמָּה חוּץ׃ וְיָתֵד תִּהְיֶה לְךָ עַל־
אֲזֵנֶךָ וְהָיָה בְּשִׁבְתְּךָ חוּץ וְחָפַרְתָּה בָהּ וְשַׁבְתָּ וְכִסִּיתָ
טו אֶת־צֵאָתֶךָ׃ כִּי יְהוָה אֱלֹהֶיךָ מִתְהַלֵּךְ בְּקֶרֶב מַחֲנֶךָ
לְהַצִּילְךָ וְלָתֵת אֹיְבֶיךָ לְפָנֶיךָ וְהָיָה מַחֲנֶיךָ קָדוֹשׁ וְלֹא־
16 יִרְאֶה בְךָ עֶרְוַת דָּבָר וְשָׁב מֵאַחֲרֶיךָ׃ ס לֹא־
תַסְגִּיר עֶבֶד אֶל־אֲדֹנָיו אֲשֶׁר־יִנָּצֵל אֵלֶיךָ מֵעִם אֲדֹנָיו׃
17 עִמְּךָ יֵשֵׁב בְּקִרְבְּךָ בַּמָּקוֹם אֲשֶׁר־יִבְחַר בְּאַחַד שְׁעָרֶיךָ
18 בַּטּוֹב לוֹ לֹא תּוֹנֶנּוּ׃ ס לֹא־תִהְיֶה קְדֵשָׁה מִבְּנוֹת
19 יִשְׂרָאֵל וְלֹא־יִהְיֶה קָדֵשׁ מִבְּנֵי יִשְׂרָאֵל׃ לֹא־תָבִיא אֶתְנַן
זוֹנָה וּמְחִיר כֶּלֶב בֵּית יְהוָה אֱלֹהֶיךָ לְכָל־נֶדֶר כִּי תוֹעֲבַת
כ יְהוָה אֱלֹהֶיךָ גַּם־שְׁנֵיהֶם׃ ס לֹא־תַשִּׁיךְ לְאָחִיךָ
21 נֶשֶׁךְ כֶּסֶף נֶשֶׁךְ אֹכֶל נֶשֶׁךְ כָּל־דָּבָר אֲשֶׁר יִשָּׁךְ׃ לַנָּכְרִי
תַשִּׁיךְ וּלְאָחִיךָ לֹא תַשִּׁיךְ לְמַעַן יְבָרֶכְךָ יְהוָה אֱלֹהֶיךָ בְּכֹל

אִין דֶער קְהִלָּה פוּן גָאט: 4 עֶס זָאל נִיט קוּמֶען אֵיינֶער פוּן עַמוֹן אוּנְד מוֹאָב אִין דֶער קְהִלָּה פוּן גָאט, אַפִּילוּ דָאס צֶעהֶנְטֶע גֶעשְׁלֶעכְט פוּן זֵייא זָאל נִיט קוּמֶען אִין דֶער קְהִלָּה פוּן גָאט, אוֹיף אֵייבִּיג: 5 וֵוייל זֵייא זֶענֶען אֵייךְ נִיט צוּפָּאר גֶעקוּמֶען מִיט בְּרוֹיט אוּנְד וַואסֶער וֶוען אִיהְר זֶענְט אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען אוֹיס מִצְרַיִם, אוּנְד וֵוייל עֶר הָאט גֶעדוּנְגֶען בִּלְעָם זוּהְן פוּן בְּעוֹר, אוֹיס פְּתוֹר אֲרַם נַהֲרַיִם, כְּדֵי דִיךְ צוּ שֶׁעלְטֶען: 6 אָבֶּער דֶער הַאר דֵיין גָאט הָאט נִיט גֶעוָואלְט הֶערֶען צוּ בִּלְעָם, אוּנְד דֶער הַאר דֵיין גָאט הָאט גֶעמַאכְט צוּ דִיר דִיא קְלָלָה צוּ אַ בְּרָכָה, וֵוייל דֶער הַאר דֵיין גָאט הָאט דִיךְ לִיבּ: 7 דוּא זָאלְסְט נִיט פָארְשֶׁען זֵייעֶר שָׁלוֹם אוּנְד זֵייעֶר גוּטֶעס אַלֶע דֵיינֶע טֶעג אוֹיף אֵייבִּיג: 8 דוּא זָאלְסְט נִיט פֶערְאוּמְוִוירְדִיגֶען דֶעם אֲדוֹמִי, וָוארִין עֶר אִיז דֵיין בְּרוּדֶער; דוּא זָאלְסְט נִיט פֶערְאוּמְוִוירְדִיגֶען דֶעם מִצְרִי, וָוארִין דוּא בִּיזְט גֶעוֶועזֶען אַ גֵר אִין זֵיין לַאנְד: 9 קִינְדֶער וָואס וֶועלֶען צוּ זֵייא גֶעבּוֹירֶען וֶוערֶען, דָאס דְרִיטֶע דוֹר פוּן זֵייא מֶעג קוּמֶען אִין דֶער קְהִלָּה פוּן גָאט: 10 וֶוען דוּא וֶועסְט אַרוֹיסְגֵייז מִיט אַ מַחֲנֶה קֶעגֶען דֵיינֶע פֵיינְד, אַזוֹי זָאלְסְט דוּא דִיךְ הִיטֶען פַאר אִיטְלִיכֶע שְׁלֶעכְטֶע זַאךְ: 11 וֶוען עֶס וֶועט בֵּייא דִיר זֵיין אַ מַאן וָואס אִיז נִיט רֵיין וֶועגֶען אַ צוּפַאל בֵּייא נַאכְט, אַזוֹי זָאל עֶר אַרוֹיסְגֵיין אוֹיסֶעוֵוייניג פוּן דֶער מַחֲנֶה, עֶר טָאר נִיט אַרֵיינְקוּמֶען צוּ דֶער מַחֲנֶה: 12 אוּנְד וֶוען עֶס וֶועט זֵיין פַאר נַאכְט זָאל עֶר זִיךְ בָּאדֶען אִים וַואסֶער, אוּנְד וֶוען דִיא זוּן וֶועט אוּנְטֶערְגֵיין מֶעג עֶר אַרֵיינְקוּמֶען צוּ דֶער מַחֲנֶה: 13 אוּנְד אַן דֶער זֵייט זָאל צוּ דִיר זֵיין (אַיין אָרְט) אוֹיסֶעוֵוייניג פוּן דֶער מַחֲנֶה אַזוֹי דוּא זָאלְסְט דָארְט אַרוֹיסְגֵיין: 14 אוּנְד דוּא זָאלְסְט מִיט דִיר הָאבֶּען אַ שׁוּפֶעל נֶעבֶּען דֵיינֶע וַואפֶען, אוּנְד עֶס זָאל זֵיין אַז וֶוען דוּא וֶועסְט דְרוֹיסֶען זִיצֶען אַזוֹי זָאלְסְט דוּא דַאמִיט גְרָאבֶּען אוּנְד דֶערְנָאךְ זָאלְסְט דוּא צוּדֶעקֶען דֵיין אוֹיסְגַאנְג: 15 וָוארִין דֶער הַאר דֵיין גָאט גֵייט דוּרְךְ צְווִישֶׁען דֵיינֶע מַחֲנֶה כְּדֵי דִיךְ מַצִיל צוּ זֵיין, אוּנְד צוּ גֶעבֶּען דֵיינֶע פֵיינְד פַאר דִיר, דָארוּם זָאל דֵיינֶע מַחֲנֶה זֵיין הֵיילִיג, אַז עֶר זָאל נִיט זֶעהֶען בֵּייא דִיר קֵיינֶע שֶׁענְדְלִיכֶע זַאךְ, אוּנְד זִיךְ פוּן דִיר אָפְּקֶערֶען: 16 דוּא זָאלְסְט נִיט אִיבֶּערְעֶנְטְפֶערְן אַ קְנֶעכְט צוּ זֵיין הַאר וָואס הָאט זִיךְ בֵּייא דִיר מַצִיל גֶעוֶועזֶען פוּן זֵיין הַאר: 17 עֶר זָאל בֵּייא דִיר וְואוֹינֶען, צְווִישֶׁען דִיר, אִין דֶעם אָרְט וָואס עֶר וֶועט זִיךְ אוֹיסְדֶערְוֵוייְלֶען אִין אֵיינֶע פוּן דֵיינֶע טוֹיעֶרְן, וְואוּ עֶס אִיז אִיהְם גוּט, דוּא זָאלְסְט אִיהְם נִיט אוּנְטֶערְדְרִיקֶען: 18 עֶס זָאל נִיט זֵיין קֵיינֶע הוּרֶע פוּן דִיא טֶעכְטֶער פוּן יִשְׂרָאֵל, אוּנְד עֶס זָאל נִיט זֵיין קֵיין הוּרֶער פוּן דִיא זִיהְן פוּן יִשְׂרָאֵל: 19 דוּא זָאלְסְט נִיט אַרֵיינְבְּרֶענְגֶען הוּרֶענְגֶעלְד, אָדֶער דָאס קוֹיפְגֶעלְד פַאר אַ הוּנְד אִין דֶעם הוֹיז פוּן דֶעם הַאר דֵיין גָאט, צוּ קֵיינֶערְלֵייא נֶדֶר, וָוארִין בֵּיידֶע זֶענֶען אֵיינֶע אוּמְוִוירְדִיגְקֵייט צוּ דֶעם הַאר דֵיין גָאט: 20 דוּא זָאלְסְט נִיט נֶעמֶען צִינְזֶען (רְוָוחִים) פוּן דֵיין בְּרוּדֶער, צִינְז פוּן גֶעלְד, אָדֶער צִינְז פוּן עֶסֶענְוַוארְג, פוּן קֵיינֶערְלֵייא זַאךְ וָואס מֶען נֶעמְט רְוָוחִים: 21 פוּן אַ פְרֶעמְדֶען מֶעגְסְט דוּא נֶעמֶען צִינְזֶען, אָבֶּער פוּן דֵיין בְּרוּדֶער טוּרְסְט דוּא נִיט נֶעמֶען צִינְזֶען, אַז דֶער הַאר דֵיין גָאט זָאל דִיךְ בֶּענְשֶׁען אִין אַלֶעם

וָואס דוּא שְׁטְרֶעקְסְט אוֹיס דֵיינֶע הַאנְד, אוֹיף דֶעם לַאנְד וְואוּ דוּא דָארְט אַהִינְ־קוּמְסְט עֶס צוּ יַרְשְׁנְ'ן׃ 22 וֶוען דוּא וֶועסְט טְהוּן אַ נֶדֶר צוּ דֶעם הַאר דֵיין גָאט, אַזוֹי זָאלְסְט דוּא נִיט פֶערְזוֹימֶען אִיהְם צוּ בֶּעצָאלֶען, וָוארִין דֶער הַאר דֵיין גָאט וֶועט עֶס פוּן דִיר פָארְדֶערְן, אוּנְד עֶס וֶועט צוּ דִיר זַיין אַ זִינְד׃ 23 וֶוען דוּא וֶועסְט אָבֶּער פֶערְמֵיידֶען מְנַדֵר צוּ זַיין, אַזוֹי וֶועט עֶס נִיט צוּ דִיר זַיין אַ זִינְד׃ 24 וָואס אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען אוֹיס דֵיינֶע לִיפֶּען דָאס זָאלְסְט דוּא הִיטֶען אוּנְד טְהוּן אַזוֹי וִויא דוּא הָאסְט אַ נֶדֶר גֶעטְהוּן צוּ דֶעם הַאר דֵיין גָאט פְרֵייוִוילִיג, דָאס וָואס דוּא הָאסְט אוֹיסְגֶערֶעט מִיט דֵיין מוֹיל׃ 25 וֶוען דוּא וֶועסְט אַרֵיינְקוּמֶען אִין דֶעם וַויינְגָארְטֶען פוּן דֵיין חַבֵר, אַזוֹי מֶעגְסְט דוּא עֶסֶען פוּן דִיא וַויינְטְרוֹיבֶּען אַזוֹי פִיל וִויא דוּא וִוילְסְט, בִּיז דוּא וֶועסְט זַאט זַיין, אָבֶּער אִין דֵיין כֵּלִי טָארְסְט דוּא נִיט אַרֵיינְטְהוּן׃ 26 וֶוען דוּא וֶועסְט אַרֵיינְקוּמֶען אִין דֵיין חַבֵר'ס שְׁטֵייעֶנְדִיגֶע תְּבוּאָה, אַזוֹי מֶעגְסְט דוּא אָפְּפְּלִיקֶען זַאנְגֶען מִיט דֵיינֶע הֶענְד, אָבֶּער אַ שְׁנֵיידְמֶעסֶער זָאלְסְט דוּא נִיט אוֹיפְהֵייבֶּען אוֹיף דֵיין חַבֵר'ס שְׁטֵייעֶנְדִיגֶע תְּבוּאָה׃

מִשְׁלַח יָדֶךָ עַל־הָאָרֶץ אֲשֶׁר־אַתָּה בָא־שָׁמָּה לְרִשְׁתָּהּ׃
ס כִּי־תִדֹּר נֶדֶר לַיהוָה אֱלֹהֶיךָ לֹא תְאַחֵר לְשַׁלְּמוֹ כִּי־ 22
דָרֹשׁ יִדְרְשֶׁנּוּ יְהוָה אֱלֹהֶיךָ מֵעִמָּךְ וְהָיָה בְךָ חֵטְא׃ וְכִי 23
תֶחְדַּל לִנְדֹּר לֹא־יִהְיֶה בְךָ חֵטְא׃ מוֹצָא שְׂפָתֶיךָ תִּשְׁמֹר 24
וְעָשִׂיתָ כַּאֲשֶׁר נָדַרְתָּ לַיהוָה אֱלֹהֶיךָ נְדָבָה אֲשֶׁר דִּבַּרְתָּ
בְּפִיךָ׃ ס כִּי תָבֹא בְּכֶרֶם רֵעֶךָ וְאָכַלְתָּ עֲנָבִים כה
כְּנַפְשְׁךָ שָׂבְעֶךָ וְאֶל־כֶּלְיְךָ לֹא תִתֵּן׃ ס כִּי תָבֹא 26
בְּקָמַת רֵעֶךָ וְקָטַפְתָּ מְלִילֹת בְּיָדֶךָ וְחֶרְמֵשׁ לֹא תָנִיף
עַל קָמַת רֵעֶךָ׃ ס

כד

## כד

כִּי־יִקַּח אִישׁ אִשָּׁה וּבְעָלָהּ וְהָיָה אִם־לֹא תִמְצָא־חֵן א
בְעֵינָיו כִּי־מָצָא בָהּ עֶרְוַת דָּבָר וְכָתַב לָהּ סֵפֶר כְּרִיתֻת
וְנָתַן בְּיָדָהּ וְשִׁלְּחָהּ מִבֵּיתוֹ׃ וְיָצְאָה מִבֵּיתוֹ וְהָלְכָה וְהָיְתָה 2
לְאִישׁ־אַחֵר׃ וּשְׂנֵאָהּ הָאִישׁ הָאַחֲרוֹן וְכָתַב לָהּ סֵפֶר כְּרִיתֻת 3
וְנָתַן בְּיָדָהּ וְשִׁלְּחָהּ מִבֵּיתוֹ אוֹ כִי יָמוּת הָאִישׁ הָאַחֲרוֹן אֲשֶׁר־
לְקָחָהּ לוֹ לְאִשָּׁה׃ לֹא־יוּכַל בַּעְלָהּ הָרִאשׁוֹן אֲשֶׁר־שִׁלְּחָהּ 4
לָשׁוּב לְקַחְתָּהּ לִהְיוֹת לוֹ לְאִשָּׁה אַחֲרֵי אֲשֶׁר הֻטַּמָּאָה
כִּי־תוֹעֵבָה הִוא לִפְנֵי יְהוָה וְלֹא תַחֲטִיא אֶת־הָאָרֶץ אֲשֶׁר
יְהוָה אֱלֹהֶיךָ נֹתֵן לְךָ נַחֲלָה׃ ס כִּי־יִקַּח אִישׁ אִשָּׁה ה
חֲדָשָׁה לֹא יֵצֵא בַּצָּבָא וְלֹא־יַעֲבֹר עָלָיו לְכָל־דָּבָר נָקִי
יִהְיֶה לְבֵיתוֹ שָׁנָה אֶחָת וְשִׂמַּח אֶת־אִשְׁתּוֹ אֲשֶׁר־לָקָח׃
לֹא־יַחֲבֹל רֵחַיִם וָרָכֶב כִּי־נֶפֶשׁ הוּא חֹבֵל׃ ס כִּי־ 6 7
יִמָּצֵא אִישׁ גֹּנֵב נֶפֶשׁ מֵאֶחָיו מִבְּנֵי יִשְׂרָאֵל וְהִתְעַמֶּר־בּוֹ
וּמְכָרוֹ וּמֵת הַגַּנָּב הַהוּא וּבִעַרְתָּ הָרָע מִקִּרְבֶּךָ׃ ס הִשָּׁמֶר 8
בְּנֶגַע־הַצָּרַעַת לִשְׁמֹר מְאֹד וְלַעֲשׂוֹת כְּכֹל אֲשֶׁר־יוֹרוּ אֶתְכֶם
הַכֹּהֲנִים הַלְוִיִּם כַּאֲשֶׁר צִוִּיתִם תִּשְׁמְרוּ לַעֲשׂוֹת׃ זָכוֹר אֵת 9
אֲשֶׁר־עָשָׂה יְהוָה אֱלֹהֶיךָ לְמִרְיָם בַּדֶּרֶךְ בְּצֵאתְכֶם
מִמִּצְרָיִם׃ ס כִּי־תַשֶּׁה בְרֵעֲךָ מַשַּׁאת מְאוּמָה לֹא־תָבֹא י

## קאפיטעל כד

1 וֶוען אַ מַאן וֶועט נֶעמֶען אַ ווַייבּ אוּנְד וֶועט מִיט אִיהְר חַתוּנָה הָאבֶּען, אוּנְד עֶס וֶועט זַיין אַז זִיא וֶועט נִיט גֶעפִינֶען חֵן אִין זֵיינֶע אוֹיגֶען, ווַייל עֶר הָאט אָן אִיהְר גֶעפוּנֶען אַ שֶׁענְדְלִיכֶע זַאךְ, אַזוֹי זָאל עֶר אִיהְר שְׁרֵייבֶּען אַ גֶט, אוּנְד עֶר זָאל עֶס גֶעבֶּען אִין אִיהְרֶע הַאנְד, אוּנְד זָאל זִיא אַוֶועקְשִׁיקֶען פוּן זַיין הוֹיז׃ 2 אוּנְד וֶוען זִיא וֶועט אַרוֹיסְגֵייז פוּן זַיין הוֹיז, אַזוֹי מֶעג זִיא גֵיין אוּנְד זַיין אַן אַנְדֶערְן מַאנְ'ס ווַייבּ׃ 3 אוּנְד וֶוען דֶער אַנְדֶערֶער מַאן וֶועט זִיא אוֹיךְ פֵיינְד הָאבֶּען, אַזוֹי זָאל עֶר אִיהְר שְׁרֵייבֶּען אַ גֶט, אוּנְד זָאל עֶס אִין אִיהְרֶע הַאנְד גֶעבֶּען, אוּנְד זָאל זִיא אַוֶועקְשִׁיקֶען פוּן זַיין הוֹיז, אָדֶער וֶוען דֶער אַנְדֶערֶער וָואס הָאט זִיא גֶענוּמֶען פַאר אַ ווַייבּ שְׁטַארְבְּט׃ 4 אַזוֹי טָאר זִיא נִיט אִיהְר עֶרְשְׁטֶער מַאן וָואס הָאט זִיא אַוֶועקְגֶעשִׁיקְט ווִידֶער נֶעמֶען אַז זִיא זָאל זַיין ווַייבּ זַיין נָאכְדֶעם אַז זִיא אִיז פֶערְאוּמְרֵיינִיגְט, וָוארִין דָאס אִיז אֵיינֶע אוּמְווִירְדִיגְקֵייט פַאר גָאט, אוּנְד דוּא זָאלְסְט נִיט פֶערְזִינְדִיגֶען דָאס לַאנְד וָואס דֶער הַאר דֵיין גָאט וֶועט דִיר גֶעבֶּען אַלְס אַ נַחֲלָה׃ 5 וֶוען אַ מַאן וֶועט נֶעמֶען אַ נֵייא ווַייבּ, אַזוֹי זָאל עֶר נִיט אַרוֹיסְגֵיין אִין דִיא מִלְחָמָה, אוּנְד עֶר זָאל אוֹיךְ נִיט אוֹיף זִיךְ נֶעמֶען קֵיין שׁוּם זַאךְ, בֵּייעֶרְט עֶר זָאל בְּלֵייבֶּען פְרֵייא אִין זַיין הוֹיז אֵיין יָאהְר, אוּנְד עֶר זָאל דֶערְפְרֵייעֶן זַיין ווַייבּ וָואס עֶר הָאט גֶענוּמֶען׃ 6 קֵיינֶער זָאל נִיט אָנְנֶעמֶען אַלְס מַשְׁכּוֹן דֶעם אוּנְטֶערְשְׁטֶען אָדֶער דֶעם אוֹיבֶּערְשְׁטֶען מִילְשְׁטֵיין, וָוארִין עֶר נֶעמְט דָאס וָואס אִיז זַיין לֶעבֶּענְסְמִיטֶעל אַלְס מַשְׁכּוֹן׃ 7 וֶוען עֶס וֶועט גֶעפוּנֶען וֶוערֶען אַ מֶענְשׁ וָואס הָאט גֶעגַנְבֶעת אַ נֶפֶשׁ פוּן זֵיינֶע בְּרִידֶער, פוּן דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל, אוּנְד עֶר וֶועט אִיהְם שְׁלֶעכְט בֶּעהַאנְדֶעלְן אוּנְד וֶועט אִיהְם פֶערְקוֹיפֶען, אַזוֹי זָאל דֶער דָאזִיגֶער גַנָב גֶעטֵייט וֶוערֶען, אוּנְד דוּא וֶועסְט אוֹיסְרוֹימֶען דָאס שְׁלֶעכְטֶע פוּן צְווִישֶׁען דִיר׃ 8 הִיט דִיךְ בֵּייא דִיא פְּלָאג פוּן צָרַעַת, אַז דוּא זָאלְסְט זֶעהְר הִיטֶען צוּ טְהוּן אַלֶעס אַזוֹי וִויא דִיא כֹּהֲנִים אָדֶער דִיא לְוִיִם וֶועלֶען אֵייךְ לֶערְנֶען, אַזוֹי וִויא אִיךְ הָאבּ זֵייא גֶעבָּאטֶען זָאלְט אִיהְר הִיטֶען צוּ טְהוּן׃ 9 גֶעדֶענְק וָואס דֶער הַאר דֵיין גָאט הָאט גֶעטְהוּן צוּ מִרְיָם אוֹיף דֶעם וֶועג, וֶוען אִיהְר זֶענְט אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען אוֹיס מִצְרַיִם׃ 10 וֶוען דוּא וֶועסְט עֶפֶּעס בָּארְגֶען צוּ דֵיין חַבֵר, אַזוֹי זָאלְסְט דוּא נִיט אַרֵיינְקוּמֶען אִין זַיין

11 אֶל־בֵּיתוֹ לַעֲבֹט עֲבֹטוֹ׃ בַּחוּץ תַּעֲמֹד וְהָאִישׁ אֲשֶׁר אַתָּה
12 נֹשֶׁה בוֹ יוֹצִיא אֵלֶיךָ אֶת־הַעֲבוֹט הַחוּצָה׃ וְאִם־אִישׁ עָנִי
13 הוּא לֹא תִשְׁכַּב בַּעֲבֹטוֹ׃ הָשֵׁב תָּשִׁיב לוֹ אֶת־הַעֲבוֹט
כְּבוֹא הַשֶּׁמֶשׁ וְשָׁכַב בְּשַׂלְמָתוֹ וּבֵרְכֶךָּ וּלְךָ תִּהְיֶה צְדָקָה
14 לִפְנֵי יְהוָה אֱלֹהֶיךָ׃ ס לֹא־תַעֲשֹׁק שָׂכִיר עָנִי וְאֶבְיוֹן
טו מֵאַחֶיךָ אוֹ מִגֵּרְךָ אֲשֶׁר בְּאַרְצְךָ בִּשְׁעָרֶיךָ׃ בְּיוֹמוֹ תִתֵּן
שְׂכָרוֹ וְלֹא־תָבוֹא עָלָיו הַשֶּׁמֶשׁ כִּי עָנִי הוּא וְאֵלָיו הוּא נֹשֵׂא
אֶת־נַפְשׁוֹ וְלֹא־יִקְרָא עָלֶיךָ אֶל־יְהוָה וְהָיָה בְךָ חֵטְא׃ ס
16 לֹא־יוּמְתוּ אָבוֹת עַל־בָּנִים וּבָנִים לֹא־יוּמְתוּ עַל־אָבוֹת אִישׁ
17 בְּחֶטְאוֹ יוּמָתוּ׃ ס לֹא תַטֶּה מִשְׁפַּט גֵּר יָתוֹם וְלֹא תַחֲבֹל
18 בֶּגֶד אַלְמָנָה׃ וְזָכַרְתָּ כִּי עֶבֶד הָיִיתָ בְּמִצְרַיִם וַיִּפְדְּךָ יְהוָה
אֱלֹהֶיךָ מִשָּׁם עַל־כֵּן אָנֹכִי מְצַוְּךָ לַעֲשׂוֹת אֶת־הַדָּבָר הַזֶּה׃
19 ס כִּי תִקְצֹר קְצִירְךָ בְשָׂדֶךָ וְשָׁכַחְתָּ עֹמֶר בַּשָּׂדֶה לֹא־
תָשׁוּב לְקַחְתּוֹ לַגֵּר לַיָּתוֹם וְלָאַלְמָנָה יִהְיֶה לְמַעַן יְבָרֶכְךָ
כ יְהוָה אֱלֹהֶיךָ בְּכֹל מַעֲשֵׂה יָדֶיךָ׃ ס כִּי תַחְבֹּט זֵיתְךָ לֹא
21 תְפַאֵר אַחֲרֶיךָ לַגֵּר לַיָּתוֹם וְלָאַלְמָנָה יִהְיֶה׃ כִּי תִבְצֹר
כַּרְמְךָ לֹא תְעוֹלֵל אַחֲרֶיךָ לַגֵּר לַיָּתוֹם וְלָאַלְמָנָה יִהְיֶה׃
22 וְזָכַרְתָּ כִּי־עֶבֶד הָיִיתָ בְּאֶרֶץ מִצְרָיִם עַל־כֵּן אָנֹכִי מְצַוְּךָ
לַעֲשׂוֹת אֶת־הַדָּבָר הַזֶּה׃ ס

## כה

כה
א כִּי־יִהְיֶה רִיב בֵּין אֲנָשִׁים וְנִגְּשׁוּ אֶל־הַמִּשְׁפָּט וּשְׁפָטוּם
2 וְהִצְדִּיקוּ אֶת־הַצַּדִּיק וְהִרְשִׁיעוּ אֶת־הָרָשָׁע׃ וְהָיָה אִם־
בִּן הַכּוֹת הָרָשָׁע וְהִפִּילוֹ הַשֹּׁפֵט וְהִכָּהוּ לְפָנָיו כְּדֵי רִשְׁעָתוֹ
3 בְּמִסְפָּר׃ אַרְבָּעִים יַכֶּנּוּ לֹא יֹסִיף פֶּן־יֹסִיף לְהַכֹּתוֹ עַל־
4 אֵלֶּה מַכָּה רַבָּה וְנִקְלָה אָחִיךָ לְעֵינֶיךָ׃ לֹא־תַחְסֹם שׁוֹר
ה בְּדִישׁוֹ׃ ס כִּי־יֵשְׁבוּ אַחִים יַחְדָּו וּמֵת אַחַד מֵהֶם וּבֵן
אֵין־לוֹ לֹא־תִהְיֶה אֵשֶׁת־הַמֵּת הַחוּצָה לְאִישׁ זָר יְבָמָהּ יָבֹא
6 עָלֶיהָ וּלְקָחָהּ לוֹ לְאִשָּׁה וְיִבְּמָהּ׃ וְהָיָה הַבְּכוֹר אֲשֶׁר תֵּלֵד

הויז דיין מַשְׁכּוֹן צוּ נֶעמֶען: 11 דוּא זָאלְסְט דְרוֹיסֶען שְׁטֵיין, אוּנְד דֶער מַאן וֶועמֶען דוּא הָאסְט גֶעבָּארְגְט זָאל צוּ דִיר אַרוֹיסבְּרֶענְגֶען זֵיין מַשְׁכּוֹן: 12 אוּנְד וֶוען עֶר אִיז אַן אָרֶעמֶער מַאן, אַזוֹי זָאלְסְט דוּא דִיךְ נִיט אַנִידֶערְלֵייגֶען מִיט זֵיין מַשְׁכּוֹן: 13 דוּא זָאלְסְט אִיהְם דָאס מַשְׁכּוֹן צוּרִיקְקֶעהְרֶען וֶוען דִיא זוּן גֵייט אוּנְטֶער, אַז עֶר זָאל זִיךְ אַנִידֶערְלֵייגֶען אִין זֵיין קְלֵייד, אוּנְד דִיךְ בֶּענְשֶׁען; אוּנְד עֶס וֶועט צוּ דִיר זֵיין אַ גֶערֶעכְטִיגְקֵייט פַאר דֶעם הַאר דֵיין גָאט: 14 דוּא זָאלְסְט נִיט אוּנְטֶערְדְרִיקֶען (אָדֶער רוֹי־בֶּען) דֶעם לוֹין פוּן אַן אָרֶעמֶען אוּנְד אַ בֶּעדַארְפְטִיגֶען פוּן דֵיינֶע בְּרִידֶער, אָדֶער פוּן דֵיין גֵר וָואס אִיז אִין דֵיין לַאנְד, אִין דֵיינֶע טוֹיעֶרְן: 15 אָן זֵיין טָאג זָאלְסְט דוּא אִיהְם גֶעבֶּען זֵיין שְׂכִירוּת, אוּנְד דִיא זוּן זָאל נִיט אִיבֶּער אִיהְם אוּנְטֶערְגֵיין, וָוארִין עֶר אִיז אָרֶעם, וָוארִין וֶועגֶען דֶעם אִיז עֶר זִיךְ מוֹסֵר נֶפֶשׁ, אַז עֶר זָאל נִיט וֶועגֶען דִיר צוּ גָאט רוּפֶען, אוּנְד עֶס וֶועט אָן דִיר זֵיין אַ זִינְד: 16 דִיא עֶלְטֶערְן זָאלֶען נִיט גֶעטֵייט וֶוערֶען וֶועגֶען דִיא קִינְדֶער, אוּנְד דִיא קִינְדֶער זָאלֶען נִיט גֶעטֵייט וֶוערֶען וֶועגֶען דִיא עֶלְטֶערְן, אִיטְלִיכֶער מֶענְשׁ זָאל וֶועגֶען זֵיינֶע זִינְד גֶעטֵייט וֶוערֶען: 17 דוּא זָאלְסְט נִיט אָפְּנֵייגֶען דָאס מִשְׁפָּט פוּן אַ גֵר אוּנְד אַ יָתוֹם, אוּנְד דוּא זָאלְסְט נִיט נֶעמֶען פַאר אַ מַשְׁכּוֹן דָאס קְלֵייד פוּן אֵיינֶע אַלְמָנָה: 18 אוּנְד דוּא זָאלְסְט גֶעדֶענְקֶען אַז דוּא בִּיזְט גֶעוֶועזֶען אַ קְנֶעכְט אִין מִצְרַיִם, אוּנְד דֶער הַאר דֵיין גָאט הָאט דִיךְ פוּן דָארְט אוֹיסְגֶעלֵייזְט, דָארוּם הָאבּ אִיךְ דִיר גֶעבָּאטֶען צוּ טְהוּן דִיא דָאזִיגֶע זַאךְ: 19 וֶוען דוּא וֶועסְט שְׁנֵיידֶען דֵיין תְּבוּאָה אוֹיף דֵיין פֶעלְד, אוּנְד וֶועסְט פֶערְגֶעסֶען אֵיין גַארְבּ אִין דֶעם פֶעלְד, אַזוֹי זָאלְסְט דוּא דִיךְ נִיט אוּמְקֶערֶען עֶס צוּ נֶעמֶען, עֶס זָאל זֵיין פַאר דֶעם גֵר, פַאר דֶעם יָתוֹם אוּנְד פַאר דִיא אַלְמָנָה, אַז דֶער הַאר דֵיין גָאט זָאל דִיךְ בֶּענְשֶׁען אִין אַלֶע וֶוערְק פוּן דֵיינֶע הֶענְד: 20 וֶוען דוּא וֶועסְט אָפְּשָׁאקְלֶען דֵיינֶע אֵיילְבֶּערְטֶען, אַזוֹי זָאלְסְט דוּא נִיט נָאךְ דִיר אָפְּקְלוֹיבֶּען, עֶס זָאל זֵיין פַאר דֶעם גֵר, פַאר דֶעם יָתוֹם אוּנְד פַאר דִיא אַלְמָנָה: 21 וֶוען דוּא וֶועסְט זַאמְלֶען פוּן דֵיין וֵויינְגָארְטֶען, אַזוֹי זָאלְסְט דוּא נִיט נָאךְ דִיר אָפְּ־קְלוֹיבֶּען, עֶס זָאל זֵיין פַאר דֶעם גֵר, פַאר דֶעם יָתוֹם אוּנְד פַאר דִיא אַלְמָנָה: 22 אוּנְד דוּא זָאלְסְט גֶעדֶענְקֶען אַז דוּא בִּיזְט גֶעוֶועזֶען אַ קְנֶעכְט אִין דֶעם לַאנְד מִצְרַיִם, דָארוּם הָאבּ אִיךְ דִיר גֶעבָּאטֶען צוּ טְהוּן דִיא דָאזִיגֶע זַאךְ:

## קאפיטעל כה

1 וֶוען עֶס וֶועט זֵיין אַ קְרִיג צְווִישֶׁען מֶענְשֶׁען, אַזוֹי זָאלֶען זֵייא גֶענֶעהְנֶען צוּם מִשְׁפָּט, אוּנְד זֵייא זָאלֶען גֶעמִשְׁפָּט וֶוערֶען, דֶעם צַדִּיק זָאלֶען זֵייא רֶעכְטְפֶערְטִיגֶען, אוּנְד דֶעם רָשָׁע זָאלֶען זֵייא שׁוּלְדִיג מַאכֶען: 2 אוּנְד וֶוען עֶס וֶועט זֵיין וֶוען מֶען וֶועט דַארְפֶען אַ רָשָׁע שְׁלָאגֶען, אַזוֹי זָאל אִיהְם דֶער רִיכְטֶער מַאכֶען אַנִידֶערְפַאלֶען, אוּנְד עֶר זָאל פַאר אִיהְם גֶעשְׁלָאגֶען וֶוערֶען מִיט דֶער צָאל נָאךְ זֵיין רִשְׁעַת נָאךְ: 3 עֶר טָאר אִיהְם נִיט מֶעהְר גֶעבֶּען וִויא פֶערְצִיג שְׁלֶעג, טָאמֶער וֶועסְט דוּא אִיהְם מֶעהְר שְׁלָאגֶען וִויא דִיא דָאזִיגֶע שְׁלֶעג, אַזוֹי וֶועט דֵיין בְּרוּדֶער שְׁלֶעכְט גֶעאַכְטֶעט וֶוערֶען אִין דֵיינֶע אוֹיגֶען: 4 דוּא טָארְסְט נִיט פֶערְשְׁלִיסֶען דָאס מוֹיל פוּן דֶעם אָקְס בְּשַׁעַת עֶר דְרֶעשְׁט אוֹיס (דָאס קָארְן): 5 וֶוען בְּרִידֶער וְואוֹינֶען צוּזַאמֶען, אוּנְד אֵיינֶער פוּן זֵייא שְׁטַארְבְּט אוּנְד הָאט נִיט גֶעלָאזְט קֵיינֶע קִינְדֶער, אַזוֹי טָאר נִיט דָאס וֵייבּ פוּן דֶעם טוֹיטֶען זֵיין צוּ אַ פְרֶעמְדֶען מַאן, אִיהְר שְׁוָואגֶער מוּז זִיא נֶעמֶען צוּ זִיךְ פַאר אַ וֵוייבּ: 6 אוּנְד דֶער בְּכוֹר וָואס זִיא וֶועט גֶעווִינֶען,

זאָל

7 יָקוּם עַל־שֵׁם אָחִיו הַמֵּת וְלֹא־יִמָּחֶה שְׁמוֹ מִיִּשְׂרָאֵל׃ וְאִם־
לֹא יַחְפֹּץ הָאִישׁ לָקַחַת אֶת־יְבִמְתּוֹ וְעָלְתָה יְבִמְתּוֹ הַשַּׁעְרָה
אֶל־הַזְּקֵנִים וְאָמְרָה מֵאֵן יְבָמִי לְהָקִים לְאָחִיו שֵׁם בְּיִשְׂרָאֵל
8 לֹא אָבָה יַבְּמִי׃ וְקָרְאוּ־לוֹ זִקְנֵי־עִירוֹ וְדִבְּרוּ אֵלָיו וְעָמַד
9 וְאָמַר לֹא חָפַצְתִּי לְקַחְתָּהּ׃ וְנִגְּשָׁה יְבִמְתּוֹ אֵלָיו לְעֵינֵי
הַזְּקֵנִים וְחָלְצָה נַעֲלוֹ מֵעַל רַגְלוֹ וְיָרְקָה בְּפָנָיו וְעָנְתָה
וְאָמְרָה כָּכָה יֵעָשֶׂה לָאִישׁ אֲשֶׁר לֹא־יִבְנֶה אֶת־בֵּית אָחִיו׃
11 וְנִקְרָא שְׁמוֹ בְּיִשְׂרָאֵל בֵּית חֲלוּץ הַנָּעַל׃ ס כִּי־יִנָּצוּ
אֲנָשִׁים יַחְדָּו אִישׁ וְאָחִיו וְקָרְבָה אֵשֶׁת הָאֶחָד לְהַצִּיל אֶת־
12 אִישָׁהּ מִיַּד מַכֵּהוּ וְשָׁלְחָה יָדָהּ וְהֶחֱזִיקָה בִּמְבֻשָׁיו׃ וְקַצֹּתָה
13 אֶת־כַּפָּהּ לֹא תָחוֹס עֵינֶךָ׃ ס לֹא־יִהְיֶה לְךָ בְּכִיסְךָ אֶבֶן
14 וָאָבֶן גְּדוֹלָה וּקְטַנָּה׃ לֹא־יִהְיֶה לְךָ בְּבֵיתְךָ אֵיפָה וְאֵיפָה
טו גְּדוֹלָה וּקְטַנָּה׃ אֶבֶן שְׁלֵמָה וָצֶדֶק יִהְיֶה־לָּךְ אֵיפָה שְׁלֵמָה
וָצֶדֶק יִהְיֶה־לָּךְ לְמַעַן יַאֲרִיכוּ יָמֶיךָ עַל הָאֲדָמָה אֲשֶׁר־
16 יְהוָה אֱלֹהֶיךָ נֹתֵן לָךְ׃ כִּי תוֹעֲבַת יְהוָה אֱלֹהֶיךָ כָּל־עֹשֵׂה
אֵלֶּה כֹּל עֹשֵׂה עָוֶל׃ פ
17 זָכוֹר אֵת אֲשֶׁר־עָשָׂה לְךָ עֲמָלֵק בַּדֶּרֶךְ בְּצֵאתְכֶם מִמִּצְרָיִם׃
18 אֲשֶׁר קָרְךָ בַּדֶּרֶךְ וַיְזַנֵּב בְּךָ כָּל־הַנֶּחֱשָׁלִים אַחֲרֶיךָ וְאַתָּה
19 עָיֵף וְיָגֵעַ וְלֹא יָרֵא אֱלֹהִים׃ וְהָיָה בְּהָנִיחַ יְהוָה אֱלֹהֶיךָ ׀
לְךָ מִכָּל־אֹיְבֶיךָ מִסָּבִיב בָּאָרֶץ אֲשֶׁר יְהוָה־אֱלֹהֶיךָ נֹתֵן
לְךָ נַחֲלָה לְרִשְׁתָּהּ תִּמְחֶה אֶת־זֵכֶר עֲמָלֵק מִתַּחַת הַשָּׁמָיִם
לֹא תִּשְׁכָּח׃

כו

פ פ פ

א וְהָיָה כִּי־תָבוֹא אֶל־הָאָרֶץ אֲשֶׁר יְהוָה אֱלֹהֶיךָ נֹתֵן לְךָ
2 נַחֲלָה וִירִשְׁתָּהּ וְיָשַׁבְתָּ בָּהּ׃ וְלָקַחְתָּ מֵרֵאשִׁית ׀ כָּל־פְּרִי
הָאֲדָמָה אֲשֶׁר תָּבִיא מֵאַרְצְךָ אֲשֶׁר יְהוָה אֱלֹהֶיךָ נֹתֵן לָךְ
וְשַׂמְתָּ בַטֶּנֶא וְהָלַכְתָּ אֶל־הַמָּקוֹם אֲשֶׁר יִבְחַר יְהוָה אֱלֹהֶיךָ

זָאל װערען בּעשׁטעטיגט אויף דעם נאָמען פון זיין פערשׁטאָרבּענעם בּרודער, כּדי זיין נאָמען זאָל ניט אויסגעמעקט װערען פון ישׂראל: 7 אונד װען דער מאַן װיל ניט נעמען זיינע שׁװעגערין, אַזוי זאָל זיינע שׁװעגערין איהם אַרויפבּרענגען צו דעם טויער צו דיא עלצטע אונד זיא זאָל זאָגען, מיין שׁװאָגער װיל ניט אויפשׁטעלען אַ נאָמען צו זיין בּרודער אין ישׂראל, ער װיל מיך ניט מיבּם זיין: 8 אַזוי זאָלען איהם דיא עלצטע פון זיינע שׁטאָט רופען, אונד זייא זאָלען צו איהם רעדען, אונד װען ער װעט שׁטיין אונד זאָגען, איך װיל זיא ניט נעמען: 9 אַזוי זאָל זיינע שׁװעגערין צו איהם גענעהען פאַר דיא אויגען פון דיא עלצטע, אונד זיא זאָל אָפּציהען זיין שׁיך פון זיין פוס, אונד זיא זאָל איהם אין פּנים אַריין שׁפּייען, אונד זאָל ענטפערן אונד זאָגען, אַזוי זאָל געטהון װערען צו דעם מאַן װאָס װיל ניט אויפבּויען דאָס הויז פון זיין בּרודער: 10 אונד זיין נאָמען זאָל גערופען װערען אין ישׂראל, דאָס הויז פון דעם װאָס זיין שׁיך איז אָפּגעצויגען: 11 װען מענער קריגען זיך, איין בּרודער מיט איין אַנדערן, אונד דאָס װייבּ פון איינעם גענעהנט זיך כּדי איהר מאַן מציל צו זיין פון דער האַנד פון דעם שׁלעגער, אונד זיא װעט אויסשׁטרעקען איהרע האַנד, אונד װעט אָנגרייפען אָן זיין שׁאַנד־גליד: 12 אַזוי זאָלסט דוא אָפּשׁניידען איהרע האַנד, דיין אויג זאָל זיך ניט דערבּאַרמען: 13 דוא זאָלסט ניט האָבּען אין דיין בּייטעל צװייערלייא געװיכט, אַ גרויסעס אונד אַ קליינעס: 14 דוא זאָלסט ניט האָבּען אין דיין הויז צװייערלייא מאָס אַ גרויסעס אונד אַ קליינעס: 15 נייערט דוא זאָלסט האָבּען אַ גאַנצעס אונד גערעכטעס געװיכט, אונד אַ גאַנצעס אונד גערעכטעס מאָס זאָלסט דוא האָבּען, כּדי דיינע טעג זאָלען זיך פערלענגערן אויף דעם לאַנד װאָס דער האַר דיין גאָט גיט דיר: 16 װאָרין אַלע װאָס טהון זאָלכע זאַכען, אונד אַלע װאָס טהון אומגערעכטיגקייט, זענען אומװירדיג צו דעם האַר דיין גאָט:

17 געדענק װאָס עמלק האָט צו דיר געטהון אויף דעם װעג װען איהר זענט אַרויסגעגאַנגען אויס מצרים: 18 װיא ער האָט דיך אָנגעטראָפען אויף דעם װעג, אונד האָט דעם הינטערשׁטען טייל פון דיר געשׁלאָגען, אַלע שׁלאַפע װען דוא בּיזט געװעזען מיד אונד פערשׁמאַכט, אונד ער האָט זיך ניט געפאָרכטען פאַר גאָט: 19 אונד עס װעט זיין אַז װען דער האַר גאָט װעט דיך מאַכען רוהען פון אַלע דיינע פיינד רינגס אַרום, אין דעם לאַנד װאָס דער האַר דיין גאָט װעט דיר געבּען אַלס אַ נחלה צו ירשׁנ׳ן, אַזוי זאָלסט דוא אויסמעקען דאָס געדעכטניס פון עמלק פון אונטער דעם הימעל דוא זאָלסט עס ניט פערגעסען:

## קאפיטעל כו

## כי תבוא

1 אונד עס װעט זיין װען דוא װעסט אַריינקומען צו דעם לאַנד װאָס דער האַר דיין גאָט װעט דיר געבּען אַלס אַ נחלה, אונד דוא װעסט עס ירשׁנ׳ן אונד דאַרין װאוינען: 2 אַזוי זאָלסט דוא נעמען פון אַלע ערשׁטע פּירות פון דער ערד, װאָס דוא װעסט בּרענגען פון דיין לאַנד װאָס דער האַר דיין גאָט װעט דיר געבּען, אונד דוא זאָלסט זייא אַריינלייגען אין אַ קאָרבּ, אונד דוא זאָלסט גיין צו דעם אָרט װאָס דער האַר דיין גאָט װעט דערװיילען

3 לְשַׁכֵּן שְׁמוֹ שָׁם׃ וּבָאתָ אֶל־הַכֹּהֵן אֲשֶׁר יִהְיֶה בַּיָּמִים הָהֵם
וְאָמַרְתָּ אֵלָיו הִגַּדְתִּי הַיּוֹם לַיהוָה אֱלֹהֶיךָ כִּי־בָאתִי אֶל־
4 הָאָרֶץ אֲשֶׁר נִשְׁבַּע יְהוָה לַאֲבֹתֵינוּ לָתֶת לָנוּ׃ וְלָקַח
הַכֹּהֵן הַטֶּנֶא מִיָּדֶךָ וְהִנִּיחוֹ לִפְנֵי מִזְבַּח יְהוָה אֱלֹהֶיךָ׃
5 וְעָנִיתָ וְאָמַרְתָּ לִפְנֵי ׀ יְהוָה אֱלֹהֶיךָ אֲרַמִּי אֹבֵד אָבִי וַיֵּרֶד
מִצְרַיְמָה וַיָּגָר שָׁם בִּמְתֵי מְעָט וַיְהִי־שָׁם לְגוֹי גָּדוֹל עָצוּם
6 וָרָב׃ וַיָּרֵעוּ אֹתָנוּ הַמִּצְרִים וַיְעַנּוּנוּ וַיִּתְּנוּ עָלֵינוּ עֲבֹדָה
7 קָשָׁה׃ וַנִּצְעַק אֶל־יְהוָה אֱלֹהֵי אֲבֹתֵינוּ וַיִּשְׁמַע יְהוָה אֶת־
8 קֹלֵנוּ וַיַּרְא אֶת־עָנְיֵנוּ וְאֶת־עֲמָלֵנוּ וְאֶת־לַחֲצֵנוּ׃ וַיּוֹצִאֵנוּ
יְהוָה מִמִּצְרַיִם בְּיָד חֲזָקָה וּבִזְרֹעַ נְטוּיָה וּבְמֹרָא גָּדֹל
9 וּבְאֹתוֹת וּבְמֹפְתִים׃ וַיְבִאֵנוּ אֶל־הַמָּקוֹם הַזֶּה וַיִּתֶּן־לָנוּ
10 אֶת־הָאָרֶץ הַזֹּאת אֶרֶץ זָבַת חָלָב וּדְבָשׁ׃ וְעַתָּה הִנֵּה
הֵבֵאתִי אֶת־רֵאשִׁית פְּרִי הָאֲדָמָה אֲשֶׁר־נָתַתָּה לִּי יְהוָה
וְהִנַּחְתּוֹ לִפְנֵי יְהוָה אֱלֹהֶיךָ וְהִשְׁתַּחֲוִיתָ לִפְנֵי יְהוָה אֱלֹהֶיךָ׃
11 וְשָׂמַחְתָּ בְכָל־הַטּוֹב אֲשֶׁר נָתַן־לְךָ יְהוָה אֱלֹהֶיךָ וּלְבֵיתֶךָ
12 אַתָּה וְהַלֵּוִי וְהַגֵּר אֲשֶׁר בְּקִרְבֶּךָ׃ ס כִּי תְכַלֶּה לַעְשֵׂר
אֶת־כָּל־מַעְשַׂר תְּבוּאָתְךָ בַּשָּׁנָה הַשְּׁלִישִׁת שְׁנַת הַמַּעֲשֵׂר
וְנָתַתָּה לַלֵּוִי לַגֵּר לַיָּתוֹם וְלָאַלְמָנָה וְאָכְלוּ בִשְׁעָרֶיךָ
13 וְשָׂבֵעוּ׃ וְאָמַרְתָּ לִפְנֵי יְהוָה אֱלֹהֶיךָ בִּעַרְתִּי הַקֹּדֶשׁ מִן־
הַבַּיִת וְגַם נְתַתִּיו לַלֵּוִי וְלַגֵּר לַיָּתוֹם וְלָאַלְמָנָה כְּכָל־
מִצְוָתְךָ אֲשֶׁר צִוִּיתָנִי לֹא־עָבַרְתִּי מִמִּצְוֺתֶיךָ וְלֹא שָׁכָחְתִּי׃
14 לֹא־אָכַלְתִּי בְאֹנִי מִמֶּנּוּ וְלֹא־בִעַרְתִּי מִמֶּנּוּ בְּטָמֵא וְלֹא־
נָתַתִּי מִמֶּנּוּ לְמֵת שָׁמַעְתִּי בְּקוֹל יְהוָה אֱלֹהָי עָשִׂיתִי כְּכֹל
15 אֲשֶׁר צִוִּיתָנִי׃ הַשְׁקִיפָה מִמְּעוֹן קָדְשְׁךָ מִן־הַשָּׁמַיִם וּבָרֵךְ
אֶת־עַמְּךָ אֶת־יִשְׂרָאֵל וְאֵת הָאֲדָמָה אֲשֶׁר נָתַתָּה לָנוּ כַּאֲשֶׁר
16 נִשְׁבַּעְתָּ לַאֲבֹתֵינוּ אֶרֶץ זָבַת חָלָב וּדְבָשׁ׃ ס הַיּוֹם הַזֶּה
יְהוָה אֱלֹהֶיךָ מְצַוְּךָ לַעֲשׂוֹת אֶת־הַחֻקִּים הָאֵלֶּה וְאֶת־

אַז זיין נאָמען זאָל דאָרט רוהען: 3 אונד דוא זאָלסט קומען צו דעם כֹּהֵן וואָס וועט זיין אין דיא דאָזיגע טעג, אונד דוא זאָלסט צו איהם זאָגען, איך בעצייג היינט צו דעם האר דיין גאָט, דאָס איך בין געקומען צו דעם לאַנד וואָס גאָט האָט געשוואוירען צו אונזערע עלטערן, עס צו אונס צו געבען: 4 אונד דער כֹּהֵן זאָל נעמען דעם קאָרב פון דיינע האַנד, אונד זאָל איהם אהינלייגען פאַר דעם מִזְבֵּחַ פון דעם האר דיין גאָט: 5 אונד דוא זאָלסט ענטפערן אונד זאָגען פאַר דעם האר דיין גאָט, דער אַרַמִּי האָט געוואָלט פערטילגען מיין פאָטער, אונד ער האָט אראָפּגענידערט קיין מִצְרַיִם, אונד ער האָט זיך דאָרט אויפ־געהאַלטען מיט ווייניג מענשען, אָבער ער איז דאָרט געוואָרען צו אַ גרויס פאָלק, שטאַרק אונד פיל: 6 אונד דיא מִצְרִים האָבען אונס שלעכטעס געטהון, אונד האָבען אונס געפּייניגט אונד האָבען אונס אויפגעלייגט שווערע אַרבייט: 7 אונד מיר האָבען געשריגען צו דעם האר דעם גאָט פון אונזערע עלטערן, אונד גאָט האָט געהערט אונזער קול, אונד ער האָט געזעהען אונזערע פּיין אונד אונזערע מידיגקייט, אונד אונזער בעצווינגעניס: 8 אונד גאָט האָט אונס אַרויס־געצויגען פון מִצְרַיִם מיט אַ שטאַרקע האַנד אונד אַן אויסגעשטרעקטען אָרעם, אונד מיט אַ גרויסע פורכט, אונד מיט צייכען אונד וואונדער: 9 אונד ער האָט אונס אַריינגעבּרענגט צו דעם דאָזיגען אָרט, אונד ער האָט צו אונס געגעבען דאָס דאָזיגע לאַנד, אַ לאַנד וואָס פליסט מיט מילך אונד האָניג: 10 אונד אַצונד, זעה, איך האָב געבראַכט דיא ערשטע פּירות פון דעם לאַנד וואָס דוא, אָ יְהֹוָה האָסט צו מיר געגעבען, אונד דוא זאָלסט עס אהינלייגען פאַר דעם האר דיין גאָט; אונד דוא זאָלסט דיך בּיקען פאַר דעם האר דיין גאָט: 11 אונד דוא זאָלסט דיך פרייען אין אַלעם גוטען וואָס דער האר דיין גאָט האָט צו דיר געגעבען אונד צו דיין הויזגעזינד, דוא אונד דער לֵוִי, אונד דער גֵר וואָס איז צווישען דיר: 12 ווען דוא וועסט ענדיגען צו מַעֲשֵׂרן דאָס גאַנצע מַעֲשֵׂר פון דיינע תְּבוּאָה אין דעם דריטען יאָהר, דאָס יאָהר פון דעם מַעֲשֵׂר, אַזוֹי זאָלסט דוא עס געבען צו דעם לֵוִי, צו דעם גֵר, צו דעם יָתוֹם אונד צו דיא אַלְמָנָה, אַז זייא זאָלען עסען אין דיינע טויערן אונד זאַט ווערען: 13 אונד דוא זאָלסט זאָגען פאַר דעם האר דיין גאָט, איך האָב אויסגערוימט דאָס הייליגע פון דעם הויז, אונד איך האָב עס אויך געגעבען צו דעם לֵוִי אונד צו דעם גֵר, צו דעם יָתוֹם אונד צו דיא אַלְמָנָה, נאָך דיין גאַנצען געבּאָט, וואָס דוא האָסט מיר געבּאָטען, איך האָב ניט עובר געוועזען פון דיינע געבּאָטע, אונד איך האָב ניט פערגעסען: 14 איך האָב ניט דערפון געגעסען אין מיינע טרויריגקייט, אונד איך האָב ניט דערפון אוועקגערוימט אין אומרייניגקייט, אונד איך האָב ניט דערפון געגעבען פאַר אַ טויטען; איך האָב געהאָרכט צו דעם קול פון דעם האר מיין גאָט, איך האָב געטהון אַלעם אַזוֹי וויא דוא האָסט מיר געבּאָטען: 15 קוק אראָפּ פון דיינע הייליגע וואוינונג, פון דעם הימעל, אונד בענטש דיין פאָלק יִשְׂרָאֵל, אונד דאָס לאַנד וואָס דוא האָסט צו אונס געגעבען, אַזוֹי וויא דוא האָסט געשוואוירען צו אונזערע עלטערן, אַ לאַנד וואָס פליסט מיט מילך אונד האָניג: 16 דעם דאָזיגען טאָג האָט דיר דער האר דיין גאָט געבּאָטען צו טהון דיא דאָזיגע געזעץ אונד

מִשְׁפָּטִים, אוּנְד דוּא זָאלְסְט הִיטֶען זֵייא
צוּ טְהוּן מִיט דֵיין גַאנְצֶען הַארְץ אוּנְד
מִיט דֵיינֶער גַאנְצֶען זֶעלֶע: 17 דוּא
הָאסְט הֵיינְט גֶעלָאזְט זָאגֶען דֶעם הַאר
אַז עֶר זָאל זֵיין צוּ דִיר אַ גָאט, אוּנְד אַז
דוּא וֶועסְט גֵייןְ אִין זֵיינֶע וֶועג, אוּנְד
הִיטֶען זֵיינֶע גֶעזֶעץ אוּנְד זֵיינֶע מִצְוֹת,
אוּנְד זֵיינֶע מִשְׁפָּטִים, אוּנְד וֶועסְט גֶע־
הָארְכֶען צוּ זֵיין קוֹל: 18 אוּנְד דֶער הַאר
הָאט דִיר הֵיינְט גֶעלָאזְט זָאגֶען אַז דוּא
זָאלְסְט זֵיין צוּ אִיהְם פַאר אַ גֶעלִיבְּט
פָאלְק אַזוֹי וִויא עֶר הָאט צוּ דִיר גֶערֶעט,
אוּנְד דוּא זָאלְסְט הִיטֶען אַלֶע זֵיינֶע מִצְוֹת:
19 אוּנְד עֶר וֶועט דִיךְ מַאכֶען דָאס
הֶעכְסְטֶע אִיבֶּער אַלֶע פֶעלְקֶער, וָואס עֶר
הָאט גֶעמַאכְט, צוּ אַ לוֹיבּ, אוּנְד צוּ אַ
(גוּטֶען) נָאמֶען, אוּנְד דוּא זָאלְסְט זֵיין אַ
הֵיילִיג פָאלְק צוּ דֶעם הַאר דֵיין גָאט,
אַזוֹי וִויא עֶר הָאט גֶערֶעט:

קאפיטעל כז

1 אוּנְד מֹשֶׁה אוּנְד דִיא עֶלְצְטֶע פוּן
יִשְׂרָאֵל הָאבֶּען גֶעבָּאטֶען צוּ דֶעם פָאלְק

הַמִּשְׁפָּטִים וְשָׁמַרְתָּ וְעָשִׂיתָ אוֹתָם בְּכָל־לְבָבְךָ וּבְכָל־
נַפְשֶׁךָ׃ אֶת־יְהוָה הֶאֱמַרְתָּ הַיּוֹם לִהְיוֹת לְךָ לֵאלֹהִים 17
וְלָלֶכֶת בִּדְרָכָיו וְלִשְׁמֹר חֻקָּיו וּמִצְוֺתָיו וּמִשְׁפָּטָיו וְלִשְׁמֹעַ
בְּקֹלוֹ׃ וַיהוָה הֶאֱמִירְךָ הַיּוֹם לִהְיוֹת לוֹ לְעַם סְגֻלָּה כַּאֲשֶׁר 18
דִּבֶּר־לָךְ וְלִשְׁמֹר כָּל־מִצְוֺתָיו׃ וּלְתִתְּךָ עֶלְיוֹן עַל כָּל־הַגּוֹיִם 19
אֲשֶׁר עָשָׂה לִתְהִלָּה וּלְשֵׁם וּלְתִפְאָרֶת וְלִהְיֹתְךָ עַם־קָדֹשׁ
לַיהוָה אֱלֹהֶיךָ כַּאֲשֶׁר דִּבֵּר׃

כז. כז

וַיְצַו מֹשֶׁה וְזִקְנֵי יִשְׂרָאֵל אֶת־הָעָם לֵאמֹר שָׁמֹר אֶת־כָּל־ א
הַמִּצְוָה אֲשֶׁר אָנֹכִי מְצַוֶּה אֶתְכֶם הַיּוֹם׃ וְהָיָה בַּיּוֹם אֲשֶׁר 2
תַּעַבְרוּ אֶת־הַיַּרְדֵּן אֶל־הָאָרֶץ אֲשֶׁר־יְהוָה אֱלֹהֶיךָ נֹתֵן לָךְ
וַהֲקֵמֹתָ לְךָ אֲבָנִים גְּדֹלוֹת וְשַׂדְתָּ אֹתָם בַּשִּׂיד׃ וְכָתַבְתָּ 3
עֲלֵיהֶן אֶת־כָּל־דִּבְרֵי הַתּוֹרָה הַזֹּאת בְּעָבְרֶךָ לְמַעַן אֲשֶׁר
תָּבֹא אֶל־הָאָרֶץ אֲשֶׁר־יְהוָה אֱלֹהֶיךָ ׀ נֹתֵן לְךָ אֶרֶץ זָבַת
חָלָב וּדְבַשׁ כַּאֲשֶׁר דִּבֶּר יְהוָה אֱלֹהֵי־אֲבֹתֶיךָ לָךְ׃ וְהָיָה 4
בְּעָבְרְכֶם אֶת־הַיַּרְדֵּן תָּקִימוּ אֶת־הָאֲבָנִים הָאֵלֶּה אֲשֶׁר
אָנֹכִי מְצַוֶּה אֶתְכֶם הַיּוֹם בְּהַר עֵיבָל וְשַׂדְתָּ אוֹתָם בַּשִּׂיד׃
וּבָנִיתָ שָּׁם מִזְבֵּחַ לַיהוָה אֱלֹהֶיךָ מִזְבַּח אֲבָנִים לֹא־תָנִיף ה
עֲלֵיהֶם בַּרְזֶל׃ אֲבָנִים שְׁלֵמוֹת תִּבְנֶה אֶת־מִזְבַּח יְהוָה 6
אֱלֹהֶיךָ וְהַעֲלִיתָ עָלָיו עוֹלֹת לַיהוָה אֱלֹהֶיךָ׃ וְזָבַחְתָּ שְׁלָמִים 7
וְאָכַלְתָּ שָּׁם וְשָׂמַחְתָּ לִפְנֵי יְהוָה אֱלֹהֶיךָ׃ וְכָתַבְתָּ עַל־ 8
הָאֲבָנִים אֶת־כָּל־דִּבְרֵי הַתּוֹרָה הַזֹּאת בַּאֵר הֵיטֵב׃ ס
וַיְדַבֵּר מֹשֶׁה וְהַכֹּהֲנִים הַלְוִיִּם אֶל־כָּל־יִשְׂרָאֵל לֵאמֹר 9
הַסְכֵּת ׀ וּשְׁמַע יִשְׂרָאֵל הַיּוֹם הַזֶּה נִהְיֵיתָ לְעָם לַיהוָה אֱלֹהֶיךָ׃
וְשָׁמַעְתָּ בְּקוֹל יְהוָה אֱלֹהֶיךָ וְעָשִׂיתָ אֶת־מִצְוֺתָו וְאֶת־חֻקָּיו י
אֲשֶׁר אָנֹכִי מְצַוְּךָ הַיּוֹם׃ ס וַיְצַו מֹשֶׁה אֶת־הָעָם בַּיּוֹם 11
הַהוּא לֵאמֹר׃ אֵלֶּה יַעַמְדוּ לְבָרֵךְ אֶת־הָעָם עַל־הַר גְּרִזִים 12

אַזוֹי צוּ זָאגֶען; הִיט דָאס גַאנְצֶע גֶעבָּאט וָואס אִיךְ טְהוּא אֵייךְ הֵיינְט גֶעבִּיטֶען:
2 אוּנְד עֶס וֶועט זֵיין אִין דֶעם טָאג וֶוען אִיהְר וֶועט אִיבֶּערְפָאהְרֶען דֶעם יַרְדֵן צוּ דֶעם
לַאנְד וָואס דֶער הַאר דֵיין גָאט וֶועט דִיר גֶעבֶּען, אַזוֹי זָאלְסְט דוּא דִיר אוֹיפְשְׁטֶעלֶען
גְרוֹיסֶע שְׁטֵיינֶער, אוּנְד דוּא זָאלְסְט זֵייא קַאלֶעכֶען מִיט קַאלֶעךְ: 3 אוּנְד דוּא זָאלְסְט
אוֹיף זֵייא שְׁרֵייבֶּען אַלֶע וֶוערְטֶער פוּן דֶער דָאזִיגֶער תּוֹרָה, וֶוען דוּא בִּיזְט אַרִיבֶּער
גֶעגַאנְגֶען, כְּדֵי דוּא זָאלְסְט אַרֵיינְקוּמֶען צוּ דֶעם לַאנְד וָואס דֶער הַאר דֵיין גָאט וֶועט
דִיר גֶעבֶּען, אַ לַאנְד וָואס פְלִיסְט מִיט מִילְךְ אוּנְד הָאנִיג, אַזוֹי וִויא דֶער הַאר, דֶער
גָאט פוּן דֵיינֶע עֶלְטֶערְן הָאט צוּ דִיר גֶערֶעט: 4 אוּנְד עֶס וֶועט זֵיין, וֶוען אִיהְר וֶועט
אַרִיבֶּערְגֵיין דֶעם יַרְדֵן, אַזוֹ זָאלְט אִיהְר אוֹיפְשְׁטֶעלֶען דִיא דָאזִיגֶע שְׁטֵיינֶער וָואס אִיךְ
גֶעבִּיט אֵייךְ הֵיינְט, אוֹיף דֶעם בַּארְג עֵיבָל, אוּנְד דוּא זָאלְסְט זֵייא קַאלֶעכֶען מִיט
קַאלֶעךְ: 5 אוּנְד דוּא זָאלְסְט דָארְט בּוֹיעֶן אַ מִזְבֵּחַ צוּ דֶעם הַאר דֵיין גָאט, אַ מִזְבֵּחַ
פוּן שְׁטֵיינֶער, דוּא זָאלְסְט נִיט אוֹיפְהֵייבֶּען אִיבֶּער זֵייא קֵיין אֵייזֶען (וֶוערְקְצֵייג):
6 אוּים גַאנְצֶע שְׁטֵיינֶער זָאלְסְט דוּא בּוֹיעֶן דֶעם מִזְבֵּחַ פוּן דֶעם הַאר דֵיין גָאט, אוּנְד
דוּא זָאלְסְט אוֹיף אִיהְם מַקְרִיב זֵיין בְּרַאנְד אָפְּפֶער צוּ דֶעם הַאר דֵיין גָאט: 7 אוּנְד
דוּא זָאלְסְט שֶׁעכְטֶען קָרְבָּן שְׁלָמִים אוּנְד דוּא זָאלְסְט דָארְט עֶסֶען, אוּנְד דוּא זָאלְסְט
דִיךְ פְרֵייעֶן פַאר דֶעם הַאר דֵיין גָאט: 8 אוּנְד דוּא זָאלְסְט אוֹיפְשְׁרֵייבֶּען אוֹיף דִיא
שְׁטֵיינֶער אַלֶע וֶוערְטֶער פוּן דֶער דָאזִיגֶע תּוֹרָה, גוּט בֶּעשֵׁייד: 9 אוּנְד מֹשֶׁה אוּנְד
דִיא כֹּהֲנִים, דִיא לְוִיִּם הָאבֶּען גֶערֶעט צוּ גַאנְץ יִשְׂרָאֵל, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, פֶערְנֶעמְט אוּנְד
הֶערְט צוּ, אָ יִשְׂרָאֵל! דֶעם הֵיינְטִיגֶען טָאג בִּיזְט דוּא גֶעוָוארֶען צוּ אַ פָאלְק צוּ דֶעם
הַאר דֵיין גָאט: 10 אוּנְד דוּא זָאלְסְט גֶעהָארְכֶען צוּ דֶעם קוֹל פוּן דֶעם הַאר דֵיין
גָאט, אוּנְד זָאלְסְט טְהוּן זֵיינֶע מִצְוֹת, אוּנְד זֵיינֶע גֶעזֶעץ וָואס אִיךְ גֶעבִּיט דִיר הֵיינְט:
11 אוּנְד מֹשֶׁה הָאט דֶעם פָאלְק גֶעבָּאטֶען אַן דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען טָאג אַזוֹי צוּ זָאגֶען:
12 דִיא דָאזִיגֶע זָאלֶען שְׁטֵיין צוּ בֶּענְשֶׁען דָאס פָאלְק אוֹיף דֶעם בַּארְג גְרִיזִים

בְּעָבְרְכֶם אֶת־הַיַּרְדֵּן שִׁמְעוֹן וְלֵוִי וִיהוּדָה וְיִשָּׂשכָר וְיוֹסֵף
13 וּבִנְיָמִן׃ וְאֵלֶּה יַעַמְדוּ עַל־הַקְּלָלָה בְּהַר עֵיבָל רְאוּבֵן גָּד
14 וְאָשֵׁר וּזְבוּלֻן דָּן וְנַפְתָּלִי׃ וְעָנוּ הַלְוִיִּם וְאָמְרוּ אֶל־כָּל־אִישׁ
טו יִשְׂרָאֵל קוֹל רָם׃ ס אָרוּר הָאִישׁ אֲשֶׁר יַעֲשֶׂה פֶסֶל
וּמַסֵּכָה תּוֹעֲבַת יְהוָה מַעֲשֵׂה יְדֵי חָרָשׁ וְשָׂם בַּסָּתֶר וְעָנוּ
16 כָל־הָעָם וְאָמְרוּ אָמֵן׃ ס אָרוּר מַקְלֶה אָבִיו וְאִמּוֹ
17 וְאָמַר כָּל־הָעָם אָמֵן׃ ס אָרוּר מַסִּיג גְּבוּל רֵעֵהוּ וְאָמַר
18 כָּל־הָעָם אָמֵן׃ ס אָרוּר מַשְׁגֶּה עִוֵּר בַּדָּרֶךְ וְאָמַר
19 כָּל־הָעָם אָמֵן׃ ס אָרוּר מַטֶּה מִשְׁפַּט גֵּר־יָתוֹם
כ וְאַלְמָנָה וְאָמַר כָּל־הָעָם אָמֵן׃ אָרוּר שֹׁכֵב עִם־אֵשֶׁת אָבִיו
21 כִּי גִלָּה כְּנַף אָבִיו וְאָמַר כָּל־הָעָם אָמֵן׃ ס אָרוּר שֹׁכֵב
22 עִם־כָּל־בְּהֵמָה וְאָמַר כָּל־הָעָם אָמֵן׃ ס אָרוּר שֹׁכֵב
עִם־אֲחֹתוֹ בַּת־אָבִיו אוֹ בַת־אִמּוֹ וְאָמַר כָּל־הָעָם אָמֵן׃ ס
23 24 אָרוּר שֹׁכֵב עִם־חֹתַנְתּוֹ וְאָמַר כָּל־הָעָם אָמֵן׃ ס אָרוּר
כה מַכֵּה רֵעֵהוּ בַּסָּתֶר וְאָמַר כָּל־הָעָם אָמֵן׃ ס אָרוּר
לֹקֵחַ שֹׁחַד לְהַכּוֹת נֶפֶשׁ דָּם נָקִי וְאָמַר כָּל־הָעָם אָמֵן׃ ס
26 אָרוּר אֲשֶׁר לֹא־יָקִים אֶת־דִּבְרֵי הַתּוֹרָה־הַזֹּאת לַעֲשׂוֹת
אוֹתָם וְאָמַר כָּל־הָעָם אָמֵן׃ פ

## כח כח

א וְהָיָה אִם־שָׁמוֹעַ תִּשְׁמַע בְּקוֹל יְהוָה אֱלֹהֶיךָ לִשְׁמֹר
לַעֲשׂוֹת אֶת־כָּל־מִצְוֺתָיו אֲשֶׁר אָנֹכִי מְצַוְּךָ הַיּוֹם וּנְתָנְךָ
2 יְהוָה אֱלֹהֶיךָ עֶלְיוֹן עַל כָּל־גּוֹיֵי הָאָרֶץ׃ וּבָאוּ עָלֶיךָ כָּל
הַבְּרָכוֹת הָאֵלֶּה וְהִשִּׂיגֻךָ כִּי תִשְׁמַע בְּקוֹל יְהוָה אֱלֹהֶיךָ׃
3 4 בָּרוּךְ אַתָּה בָּעִיר וּבָרוּךְ אַתָּה בַּשָּׂדֶה׃ בָּרוּךְ פְּרִי־בִטְנְךָ
וּפְרִי אַדְמָתְךָ וּפְרִי בְהֶמְתֶּךָ שְׁגַר אֲלָפֶיךָ וְעַשְׁתְּרוֹת צֹאנֶךָ׃
ה 6 בָּרוּךְ טַנְאֲךָ וּמִשְׁאַרְתֶּךָ׃ בָּרוּךְ אַתָּה בְּבֹאֶךָ וּבָרוּךְ אַתָּה
7 בְּצֵאתֶךָ׃ יִתֵּן יְהוָה אֶת־אֹיְבֶיךָ הַקָּמִים עָלֶיךָ נִגָּפִים
לְפָנֶיךָ בְּדֶרֶךְ אֶחָד יֵצְאוּ אֵלֶיךָ וּבְשִׁבְעָה דְרָכִים יָנוּסוּ

ווען איהר וועט איבערפאהרען דעם ירדן, שמעון אונד לוי, אונד יהודה, אונד יששכר, אונד יוסף אונד בנימן: 13 אונד דיא דאזיגע זאלען שטיין צו פלוכען אויף דעם בארג עיבל, ראובן, גד אונד אשר, אונד זבולן, דן אונד נפתלי: 14 אונד דיא לוים זאלען ענטפערן אונד זייא זאלען זאגען צו איטליכען מאן פון ישראל מיט א הויך קול: 15 פערפלוכט זאל דער מאן ווערען וואס וועט מאכען א געצענבילד אדער א געגאסענעם בילד אן אומווערדיגקייט פאר גאט, א האנד־ווערק פון א קינסטלער, אונד ער מאכט עס אים פערבארגענעם, אונד דאס גאנצע פאלק זאל ענטפערן אונד זאלען זאגען, אמן: 16 פערפלוכט זאל דער זיין וואס פעראכטעט זיין פאטער אונד זיינע מוטער, אונד דאס גאנצע פאלק זאל זאגען, אמן: 17 פערפלוכט זאל דער זיין וואס ריקט אוועק דיא גרענעץ פון זיין חבר, אונד דאס גאנצע פאלק זאל זאגען, אמן: 18 פערפלוכט זאל דער זיין וואס מאכט א בלינדען בלאנזען אויף דעם וועג, אונד דאס גאנצע פאלק זאל זאגען, אמן: 19 פערפלוכט זאל דער זיין וואס מאכט אפנייגען דאס משפט פון א גר, יתום אונד אן אלמנה, אונד דאס גאנצע פאלק זאל זאגען, אמן: 20 פערפלוכט זאל דער זיין וואס ליגט מיט דעם ווייב פון זיין פאטער, ווארין ער אנטפלעקט דיא שאנד פון זיין פאטער, אונד דאס גאנצע פאלק זאל זאגען, אמן: 21 פערפלוכט זאל דער זיין וואס ליגט מיט א בהמה, אונד דאס גאנצע פאלק זאל זאגען, אמן: 22 פערפלוכט זאל דער זיין וואס ליגט מיט זיינע שוועסטער, דיא טאכטער פון זיין פאטער, אדער דיא טאכטער פון זיינע מוטער, אונד דאס גאנצע פאלק זאל זאגען, אמן: 23 פערפלוכט זאל דער זיין וואס ליגט מיט זיינע שוויגער, אונד דאס גאנצע פאלק זאל זאגען, אמן: 24 פערפלוכט זאל דער זיין וואס שלאגט זיין חבר אים פערבארגענעם, אונד דאס גאנצע פאלק זאל זאגען, אמן: 25 פערפלוכט זאל דער זיין וואס נעמט שוחד צו דערשלאגען א נפש, אומשולדיג בלוט, אונד דאס גאנצע פאלק זאל זאגען, אמן: 26 פערפלוכט זאל דער זיין וואס וועט ניט מקיים זיין דיא ווערטער פון דער דאזיגע תורה, זייא צו טהון, אונד דאס גאנצע פאלק זאל זאגען, אמן:

## קאפיטעל כח

1 אונד עס וועט זיין ווען דוא וועסט געהארכען צו דעם קול פון דעם האר דיין גאט, צו היטען צו טהון אלע זיינע מצות וואס איך געביט דיר היינט, אזוי וועט דיך דער האר דיין גאט מאכען דאס העכסטע איבער אלע פעלקער פון דער ערד: 2 אונד עס וועלען קומען איבער דיר אלע דיא דאזיגע ברכות, אונד זייא וועלען דיך גרייכען, ווען דוא וועסט געהארכען צו דעם קול פון דעם האר דיין גאט: 3 געבענשט וועסט דוא זיין אין דיא שטאט, אונד געבענשט וועסט דוא זיין אויף דעם פעלד: 4 געבענשט וועט זיין דיא פרוכט פון דיין לייב, אונד דיא פרוכט פון דיין לאנד, אונד דיא פרוכט פון דיינע בהמות, דיא פערמעהרונג פון דיינע רינדער, אונד דיא סטאדעס פון דיינע שאף: 5 געבענשט וועט זיין דיין קארב אונד דיין איבערבלייבונג: 6 געבענשט וועסט דוא זיין אין דיין אריינקומען, אונד געבענשט וועסט דוא זיין אין דיין ארויסגיין: 7 גאט וועט געבען אז דיינע פיינד וואס שטייען אויף קעגען דיר זאלען פאר דיר געפלאגט ווערען, אויף איין וועג וועלען זייא קעגען דיר ארויסגיין אונד אויף זיבען וועגען וועלען זייא

פאר

אם־ידך תהיה־בו: ואם־תגידי את־דברנו זה והיינו נקים כ
משבעתך אשר השבעתנו: ותאמר כדבריכם כן־הוא 21
ותשלחם וילכו ותקשר את־תקות השני בחלון: וילכו 22
ויבאו ההרה וישבו שם שלשת ימים עד־שבו הרדפים
ויבקשו הרדפים בכל־הדרך ולא מצאו: וישבו שני 23
האנשים וירדו מההר ויעברו ויבאו אל־יהושע בן־נון
ויספרו־לו את כל־המצאות אותם: ויאמרו אל־יהושע 24
כי־נתן יהוה בידנו את־כל־הארץ וגם־נמגו כל־ישבי
הארץ מפנינו:

ג

וישכם יהושע בבקר ויסעו מהשטים ויבאו עד־הירדן א
הוא וכל־בני ישראל וילנו שם טרם יעברו: ויהי מקצה 2
שלשת ימים ויעברו השטרים בקרב המחנה: ויצוו 3
את־העם לאמר כראותכם את ארון ברית־יהוה אלהיכם
והכהנים הלוים נשאים אתו ואתם תסעו ממקומכם
והלכתם אחריו: אך ׀ רחוק יהיה ביניכם ובינו כאלפים 4
אמה במדה אל־תקרבו אליו למען אשר־תדעו את־הדרך
אשר תלכו־בה כי לא עברתם בדרך מתמול שלשום:
ויאמר יהושע אל־העם התקדשו כי מחר יעשה ה
יהוה בקרבכם נפלאות: ויאמר יהושע אל־הכהנים 6
לאמר שאו את־ארון הברית ועברו לפני העם וישאו
את־ארון הברית וילכו לפני העם: ויאמר יהוה 7
אל־יהושע היום הזה אחל גדלך בעיני כל־ישראל
אשר ידעון כי כאשר הייתי עם־משה אהיה עמך:
ואתה תצוה את־הכהנים נשאי ארון־הברית לאמר 8
כבאכם עד־קצה מי הירדן בירדן תעמדו: ויאמר 9
יהושע אל־בני ישראל גשו הנה ושמעו את־דברי יהוה

ווען א האנד וועט אויף איהם זיין:
20 אונד ווען דוא וועסט אויסזאגען דיא
דאזיגע אונזערע רייד, אזוי וועלען מיר
ריין זיין פון דיינע שבועה וואס דוא
האסט אונס בעשוואורען: 21 אונד
זיא האט געזאגט, אזוי וויא אייערע רייד
זענען אזוי זאל עס זיין, אונד זיא האט
זייא אוועקגעשיקט אונד זייא זענען
געגאנגען, אונד זיא האט אנגעבינדען
דעם רויטען פאדעם אין דעם פענסטער:
22 אונד זייא זענען געגאנגען אונד
געקומען צו דעם בארג, אונד זייא זענען
דארט געבליבען דרייא טעג, ביז דיא
נאכיאגערס זענען צוריקגעקעהרט, דען
דיא נאכיאגערס האבען זייא געזוכט
אויף דעם גאנצען וועג, אבער זייא
האבען זייא ניט געפונען: 23 אונד דיא
צווייא מענער האבען זיך אומגעקעהרט,
אונד האבען ארופגענידערט פון דעם
בארג, אונד זייא זענען אריבערגעפאהרען
אונד געקומען צו יהושע זוהן פון נון,
אונד האבען איהם דערציילט אלעס וואס
האט זייא געטראפען: 24 אונד זייא
האבען געזאגט צו יהושע אז דער האר גאט האט געגעבען אין אונזערע האנד דאס
גאנצע לאנד, אונד אלע בעוואוינער פון דעם לאנד זענען אויך צוגאנגען פאר אונס:

## קאפיטעל ג

1 אונד יהושע איז אין דער פריה אויפגעשטאנען, אונד זייא זענען אוועקגעצויגען
פון שטים, אונד זייא זענען געקומען ביז צום ירדן, ער אונד אלע קינדער פון ישראל,
אונד זייא האבען דארט גענעכטיגט, איידער זייא זענען אריבערגעגאנגען: 2 אונד
עס איז געוועזען אם ענד פון דרייא טעג אזוי זענען דיא בעאמטע דורכגעגאנגען
דורך דיא מחנה: 3 אונד זייא האבען דעם פאלק געבאטען אזוי צו זאגען; ווען
איהר וועט זעהען דעם ארון פון דעם בונד פון דעם האר, אייער גאט, אונד דיא
כהנים אונד דיא לוים וועלען איהם טראגען, אזוי זאלט איהר אוועק ציהען פון אייערע
ערטער אונד זאלט איהם נאכגיין: 4 אבער עס זאל זיין א דערווייטערונג צווישען
אייך אונד איהם, אזוי וויא צווייא טויזענד איילען נאך דעם מאס, איהר זאלט ניט
נאהענט קומען צו איהם, כדי איהר זאלט וויסען דעם וועג וועלכען איהר וועט גיין,
דען איהר זענט ניט אריבערגעגאנגען דיזען וועג נעכטען אדער אייערנעכטען:
5 אונד יהושע האט געזאגט צום פאלק, הייליגט אייך, ווארין מארגען וועט גאט
אונטער אייך וואונדער טהון: 6 אונד יהושע האט געזאגט צו דיא כהנים אזוי צו
זאגען; טראגט איהר דעם ארון פון דעם בונד, אונד גייט אריבער פאר דעם פאלק,
אונד זייא האבען געטראגען דעם ארון הברית, אונד זייא זענען געגאנגען פאר דעם
פאלק: 7 אונד דער האר האט געזאגט צו יהושע, דעם היינטיגען טאג וועל איך
אנהייבען דיך גרויס צו מאכען אין דיא אויגען פון גאנץ ישראל, דאס זייא זאלען
וויסען אז אזוי וויא איך בין געוועזען מיט משה'ן אזוי וועל איך זיין מיט דיר:
8 אונד דוא זאלסט געביטען דיא כהנים וואס טראגען דעם ארון הברית, אזוי
צו זאגען, ווען איהר וועט אנקומען צום עק וואסער פון דעם ירדן, אזוי
זאלט איהר אים ירדן שטיין בלייבען: 9 אונד יהושע האט געזאגט צו דיא
קינדער ישראל, גענעהנט דא אהער, אונד הערט דיא ווערטער פון דעם האר
אייער

י אֱלֹהֵיכֶם: וַיֹּאמֶר יְהוֹשֻׁעַ בְּזֹאת תֵּדְעוּן כִּי אֵל חַי בְּקִרְבְּכֶם
וְהוֹרֵשׁ יוֹרִישׁ מִפְּנֵיכֶם אֶת־הַכְּנַעֲנִי וְאֶת־הַחִתִּי וְאֶת־
11 הַחִוִּי וְאֶת־הַפְּרִזִּי וְאֶת־הַגִּרְגָּשִׁי וְהָאֱמֹרִי וְהַיְבוּסִי: הִנֵּה
12 אֲרוֹן הַבְּרִית אֲדוֹן כָּל־הָאָרֶץ עֹבֵר לִפְנֵיכֶם בַּיַּרְדֵּן: וְעַתָּה
קְחוּ לָכֶם שְׁנֵי עָשָׂר אִישׁ מִשִּׁבְטֵי יִשְׂרָאֵל אִישׁ־אֶחָד
13 אִישׁ־אֶחָד לַשָּׁבֶט: וְהָיָה כְּנוֹחַ כַּפּוֹת רַגְלֵי הַכֹּהֲנִים
נֹשְׂאֵי אֲרוֹן יְהוָֹה אֲדוֹן כָּל־הָאָרֶץ בְּמֵי הַיַּרְדֵּן מֵי הַיַּרְדֵּן
14 יִכָּרֵתוּן הַמַּיִם הַיֹּרְדִים מִלְמָעְלָה וְיַעַמְדוּ נֵד אֶחָד: וַיְהִי
בִּנְסֹעַ הָעָם מֵאָהֳלֵיהֶם לַעֲבֹר אֶת־הַיַּרְדֵּן וְהַכֹּהֲנִים נֹשְׂאֵי
טו הָאָרוֹן הַבְּרִית לִפְנֵי הָעָם: וּכְבוֹא נֹשְׂאֵי הָאָרוֹן עַד־
הַיַּרְדֵּן וְרַגְלֵי הַכֹּהֲנִים נֹשְׂאֵי הָאָרוֹן נִטְבְּלוּ בִּקְצֵה הַמָּיִם
16 וְהַיַּרְדֵּן מָלֵא עַל־כָּל־גְּדוֹתָיו כֹּל יְמֵי קָצִיר: וַיַּעַמְדוּ
הַמַּיִם הַיֹּרְדִים מִלְמַעְלָה קָמוּ נֵד־אֶחָד הַרְחֵק מְאֹד
בְּאָדָם הָעִיר אֲשֶׁר מִצַּד צָרְתָן וְהַיֹּרְדִים עַל יָם הָעֲרָבָה
17 יָם־הַמֶּלַח תַּמּוּ נִכְרָתוּ וְהָעָם עָבְרוּ נֶגֶד יְרִיחוֹ: וַיַּעַמְדוּ
הַכֹּהֲנִים נֹשְׂאֵי הָאָרוֹן בְּרִית־יְהוָֹה בֶּחָרָבָה בְּתוֹךְ הַיַּרְדֵּן
הָכֵן וְכָל־יִשְׂרָאֵל עֹבְרִים בֶּחָרָבָה עַד אֲשֶׁר־תַּמּוּ כָּל־הַגּוֹי
לַעֲבוֹר אֶת־הַיַּרְדֵּן:

## ד

א וַיְהִי כַּאֲשֶׁר־תַּמּוּ כָל־הַגּוֹי לַעֲבוֹר אֶת־הַיַּרְדֵּן ׀ וַיֹּאמֶר
2 יְהוָֹה אֶל־יְהוֹשֻׁעַ לֵאמֹר: קְחוּ לָכֶם מִן־הָעָם שְׁנֵים עָשָׂר
3 אֲנָשִׁים אִישׁ־אֶחָד אִישׁ־אֶחָד מִשָּׁבֶט: וְצַוּוּ אוֹתָם לֵאמֹר
שְׂאוּ־לָכֶם מִזֶּה מִתּוֹךְ הַיַּרְדֵּן מִמַּצַּב רַגְלֵי הַכֹּהֲנִים הָכִין
שְׁתֵּים־עֶשְׂרֵה אֲבָנִים וְהַעֲבַרְתֶּם אוֹתָם עִמָּכֶם וְהִנַּחְתֶּם
4 אוֹתָם בַּמָּלוֹן אֲשֶׁר־תָּלִינוּ בוֹ הַלָּיְלָה: וַיִּקְרָא יְהוֹשֻׁעַ
אֶל־שְׁנֵים הֶעָשָׂר אִישׁ אֲשֶׁר הֵכִין מִבְּנֵי יִשְׂרָאֵל אִישׁ־
ה אֶחָד אִישׁ־אֶחָד מִשָּׁבֶט: וַיֹּאמֶר לָהֶם יְהוֹשֻׁעַ עִבְרוּ לִפְנֵי

אֵייעֶר גָאט: 10 אוּנְד יְהוֹשֻׁעַ הָאט גֶעזָאגְט, דוּרְךְ דֶעם דָאזִיגֶען זָאלְט אִיהְר ווִיסֶען אַז דֶער לֶעבֶּעדִיגֶער גָאט אִיז צְווִישֶׁען אֵייךְ, אוּנְד עֶר וֶועט זִיכֶער פָאר אֵייךְ פֶערטְרֵייבֶּען דֶעם כְּנַעֲנִי, אוּנְד דֶעם חִתִּי, אוּנְד דֶעם חִוִּי, אוּנְד דֶעם פְּרִזִּי, אוּנְד דֶעם גִרְגָשִׁי, אוּנְד דֶעם אֱמֹרִי, אוּנְד דֶעם יְבוּסִי: 11 זֶעה, דֶער אָרוֹן הַבְּרִית פוּן דֶעם הַאר פוּן דֶער גַאנְצֶען עֶרְד גֵייט אַרִיבֶּער פָאר אֵייךְ אִים יַרְדֵן: 12 אוּנְד אַצוּנְד נֶעמְט אֵייךְ צְוֶועלְף מֶענֶער פוּן דִיא שְׁבָטִים פוּן יִשְׂרָאֵל, אַ מַאן פוּן אִיטְלִיכֶען שֵׁבֶט: 13 אוּנְד עֶס וֶועט זַיין וֶוען דִיא טְרִיט פוּן דִיא פִּיס פוּן דִיא כֹּהֲנִים, וָואס טְרָאגֶען דֶעם אָרוֹן פוּן גָאט דֶעם הַאר פוּן דֶער גַאנְצֶען עֶרְד, וֶועלֶען רוּהֶען אִין דֶעם וַואסֶער פוּן יַרְדֵן, אַזוֹי וֶועלֶען דִיא וַואסֶער פוּן דֶעם יַרְדֵן אָפְּגֶעשְׁנִיטֶען וֶוערֶען, דָאס וַואסֶער וָואס פְלִיסְט אַרוּפּ פוּן אוֹיבֶּען, אוּנְד זֵייא וֶועלֶען שְׁטֵיין ווִיא אֵיין הוֹיפֶען: 14 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען וֶוען דָאס פָאלְק הָאט גֶעצוֹיגֶען פוּן זֵיירֶע גֶעצֶעלְטֶער, אַרִיבֶּער צוּ גֵיין דֶעם יַרְדֵן, אוּנְד דִיא כֹּהֲנִים הָאבֶּען גֶעטְרָאגֶען דֶעם אָרוֹן הַבְּרִית פָאר דֶעם פָאלְק: 15 אוּנְד וֶוען דִיא טְרֶעגֶער פוּן דֶעם אָרוֹן זֶענֶען גֶעקוּמֶען בִּיז צוּם יַרְדֵן, אוּנְד דִיא פִּיס פוּן דִיא כֹּהֲנִים, וָואס הָאבֶּען גֶעטְרָאגֶען דֶעם אָרוֹן זֶענֶען גֶעוָוארֶען אֵיינְגֶעטוּנְקְט אִים עֶק פוּן דֶעם וַואסֶער, אוּנְד דֶער יַרְדֵן אִיז (גֶעוֶועזֶען) פוּל אִין אַלֶע זַיינֶע בְּרֶעגֶען אַלֶע טֶעג פוּן דֶעם שְׁנִיט: 16 אוּנְד דִיא וַואסֶער וָואס זֶענֶען אַרוּפְּגֶענִידֶערְט פוּן אוֹיבֶּען זֶענֶען גֶעבְּלִיבֶּען שְׁטֵיין, ווִיא אֵיין הוֹיפֶען, זֶעהְר ווַייט בַּייא אָדָם, דִיא שְׁטָאט וָואס אִיז אַן דֶער זַייט פוּן צָרְתָן, אוּנְד וָואס אִיז אַרוּפְּגֶענִידֶערְט צוּם יַם פוּן דֶעם פְּלוֹין, פוּן דֶעם יַם הַמֶּלַח זֶענֶען אִים גַאנְצֶען אָפְּגֶעשְׁנִיטֶען גֶעוָוארֶען אוּנְד דָאס פָאלְק אִיז אַרִיבֶּער גֶעגַאנְגֶען קֶעגֶען יְרִיחוֹ: 17 אוּנְד דִיא כֹּהֲנִים וָואס הָאבֶּען גֶעטְרָאגֶען דֶעם אָרוֹן בְּרִית פוּן גָאט זֶענֶען גֶעבְּלִיבֶּען שְׁטֵיין אִין דֶער טְרוּקֶענִיס אִין דֶער מִיטֶען פוּן יַרְדֵן אָנְגֶעבְּרֵייט, אוּנְד גַאנְץ יִשְׂרָאֵל זֶענֶען אַרִיבֶּערְגֶעגַאנְגֶען דוּרְךְ דִיא טְרוּקֶענִיס, בִּיז דָאס גַאנְצֶע פָאלְק אִיז גַאנְץ אַרִיבֶּערְגֶעגַאנְגֶען אִיבֶּער דֶעם יַרְדֵן:

## קאפיטעל ד

1 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען וֶוען דָאס גַאנְצֶע פָאלְק אִיז גַאנְץ אַרִיבֶּערְגֶעגַאנְגֶען אִיבֶּער דֶעם יַרְדֵן, הָאט גָאט גֶעזָאגְט צוּ יְהוֹשֻׁעַ אַזוֹי צוּ זָאגֶען: 2 נֶעמְט אֵייךְ פוּן דֶעם פָאלְק צְוֶועלְף מֶענֶער, אֵיין מַאן פוּן יֶעדֶען שֵׁבֶט: 3 אוּנְד גֶעבִּיט זֵייא אַזוֹי צוּ זָאגֶען, הֵייבְּט אֵייךְ אוֹיף פוּן דַאנֶען, פוּן מִיטֶען פוּן דֶעם יַרְדֵן, פוּן דֶעם פֶעסְטֶען שְׁטַאנְד פוּן דִיא פִּיס פוּן דִיא כֹּהֲנִים, צְוֶועלְף שְׁטֵיינֶער, אוּנְד אִיהְר זָאלְט זֵייא מִיט אֵייךְ אַרִיבֶּערְפִיהְרֶען, אוּנְד אִיהְר זָאלְט זֵייא אַנִידֶערְלֵייגֶען אִים נַאכְטלַאגֶער ווְאוּ אִיהְר וֶועט דִיא נַאכְט אִיבֶּערְנֶעכְטִיגֶען: 4 אוּנְד יְהוֹשֻׁעַ הָאט גֶערוּפֶען דִיא צְוֶועלְף מֶענֶער, וָואס עֶר הָאט אָנְגֶעבְּרֵייט פוּן דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל, אֵיין מַאן פוּן יֶעדֶען שֵׁבֶט: 5 אוּנְד יְהוֹשֻׁעַ הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, גֵייט אַרִיבֶּער פָאר

דעם

דֶעם אָרוֹן פוּן דֶעם הַאר אֵייעֶר גָאט אִין מִיטֶען פוּן דֶעם יַרְדֵן, אוּנְד הֵייבְּט אֵייךְ אוֹיף אִיטְלִיכֶער אֵיין שְׁטֵיין אוֹיף זֵיינֶע אַקְסֶעל, נָאךְ דֶער צָאל פוּן דִיא שְׁבָטִים פוּן דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל: 6 כְּדֵי דָאס דָאזִיגֶע זָאל זֵיין אַ צֵייכֶען צְווִישֶׁען אֵייךְ, וֶוען אֵיירֶע קִינְדֶער וֶועלֶען אֵייךְ מָארְגֶען פְרֶעגֶען אוּנְד זָאגֶען, וָואס בֶּעדֵייטֶען דִיזֶע שְׁטֵיינֶער צוּ אֵייךְ? 7 אַזוֹי זָאלְט אִיהְר צוּ זֵייא זָאגֶען, וֵוייל דִיא וַואסֶער פוּן דֶעם יַרְדֵן זֶענֶען אָפְּגֶעשְׁנִיטֶען גֶעוָוארֶען פָאר דֶעם אָרוֹן הַבְּרִית פוּן דֶעם הַאר גָאט, וֶוען עֶר אִיז אַרִיבֶּערְגֶעגַאנְגֶען אִיבֶּער דֶעם יַרְדֵן זֶענֶען דִיא וַואסֶער פוּן דֶעם יַרְדֵן אָפְּגֶעשְׁנִיטֶען גֶעוָוארֶען, אוּנְד דִיזֶע שְׁטֵיינֶער זָאלֶען זֵיין צוּ אֵיין אָנְדֶענְקֶען צוּ דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל בִּיז אוֹיף אֵייבִּיג: 8 אוּנְד דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל הָאבֶּען גֶעטְהוּן אַזוֹי וִויא יְהוֹשֻׁעַ הָאט גֶעבָּאטֶען, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעטְרָאגֶען צְוֶועלְף שְׁטֵיינֶער פוּן דֶער מִיטֶען פוּן דֶעם יַרְדֵן, אַזוֹי וִויא דֶער הַאר הָאט גֶערֶעדט צוּ יְהוֹשֻׁעַ, נָאךְ דֶער צָאל פוּן דִיא שְׁבָטִים דֶער קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל; אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זֵייא מִיט זִיךְ אַרִיבֶּערְגֶעבְּרַאכְט צוּ דֶעם נַאכְטלַאגֶער, אוּנְד זֵייא

אֲרוֹן יְהוָה אֱלֹהֵיכֶם אֶל־תּוֹךְ הַיַּרְדֵּן וְהָרִימוּ לָכֶם אִישׁ
אֶבֶן אַחַת עַל־שִׁכְמוֹ לְמִסְפַּר שִׁבְטֵי בְנֵי־יִשְׂרָאֵל׃ לְמַעַן 6
תִּהְיֶה זֹאת אוֹת בְּקִרְבְּכֶם כִּי־יִשְׁאָלוּן בְּנֵיכֶם מָחָר לֵאמֹר
מָה הָאֲבָנִים הָאֵלֶּה לָכֶם׃ וַאֲמַרְתֶּם לָהֶם אֲשֶׁר נִכְרְתוּ 7
מֵימֵי הַיַּרְדֵּן מִפְּנֵי אֲרוֹן בְּרִית־יְהוָה בְּעָבְרוֹ בַּיַּרְדֵּן נִכְרְתוּ
מֵי הַיַּרְדֵּן וְהָיוּ הָאֲבָנִים הָאֵלֶּה לְזִכָּרוֹן לִבְנֵי יִשְׂרָאֵל עַד־
עוֹלָם׃ וַיַּעֲשׂוּ־כֵן בְּנֵי־יִשְׂרָאֵל כַּאֲשֶׁר צִוָּה יְהוֹשֻׁעַ וַיִּשְׂאוּ 8
שְׁתֵּי־עֶשְׂרֵה אֲבָנִים מִתּוֹךְ הַיַּרְדֵּן כַּאֲשֶׁר דִּבֶּר יְהוָה אֶל־
יְהוֹשֻׁעַ לְמִסְפַּר שִׁבְטֵי בְנֵי־יִשְׂרָאֵל וַיַּעֲבִרוּם עִמָּם אֶל־
הַמָּלוֹן וַיַּנִּחוּם שָׁם׃ וּשְׁתֵּים עֶשְׂרֵה אֲבָנִים הֵקִים יְהוֹשֻׁעַ 9
בְּתוֹךְ הַיַּרְדֵּן תַּחַת מַצַּב רַגְלֵי הַכֹּהֲנִים נֹשְׂאֵי אֲרוֹן
הַבְּרִית וַיִּהְיוּ שָׁם עַד הַיּוֹם הַזֶּה׃ וְהַכֹּהֲנִים נֹשְׂאֵי הָאָרוֹן
עֹמְדִים בְּתוֹךְ הַיַּרְדֵּן עַד־תֹּם כָּל־הַדָּבָר אֲשֶׁר־צִוָּה
יְהוָה אֶת־יְהוֹשֻׁעַ לְדַבֵּר אֶל־הָעָם כְּכֹל אֲשֶׁר־צִוָּה מֹשֶׁה
אֶת־יְהוֹשֻׁעַ וַיְמַהֲרוּ הָעָם וַיַּעֲבֹרוּ׃ וַיְהִי כַּאֲשֶׁר־תַּם כָּל־ 11
הָעָם לַעֲבוֹר וַיַּעֲבֹר אֲרוֹן־יְהוָה וְהַכֹּהֲנִים לִפְנֵי הָעָם׃
וַיַּעַבְרוּ בְּנֵי־רְאוּבֵן וּבְנֵי־גָד וַחֲצִי שֵׁבֶט הַמְנַשֶּׁה חֲמֻשִׁים 12
לִפְנֵי בְּנֵי יִשְׂרָאֵל כַּאֲשֶׁר דִּבֶּר אֲלֵיהֶם מֹשֶׁה׃ כְּאַרְבָּעִים 13
אֶלֶף חֲלוּצֵי הַצָּבָא עָבְרוּ לִפְנֵי יְהוָה לַמִּלְחָמָה אֶל עַרְבוֹת
יְרִיחוֹ׃ בַּיּוֹם הַהוּא גִּדַּל יְהוָה אֶת־יְהוֹשֻׁעַ בְּעֵינֵי כָּל־ 14
יִשְׂרָאֵל וַיִּרְאוּ אֹתוֹ כַּאֲשֶׁר יָרְאוּ אֶת־מֹשֶׁה כָּל־יְמֵי חַיָּיו׃
וַיֹּאמֶר יְהוָה אֶל־יְהוֹשֻׁעַ לֵאמֹר׃ צַוֵּה אֶת־הַכֹּהֲנִים טו 16
נֹשְׂאֵי אֲרוֹן הָעֵדוּת וְיַעֲלוּ מִן־הַיַּרְדֵּן׃ וַיְצַו יְהוֹשֻׁעַ אֶת־ 17
הַכֹּהֲנִים לֵאמֹר עֲלוּ מִן־הַיַּרְדֵּן׃ וַיְהִי בַּעֲלוֹת הַכֹּהֲנִים 18
נֹשְׂאֵי אֲרוֹן בְּרִית־יְהוָה מִתּוֹךְ הַיַּרְדֵּן נִתְּקוּ כַּפּוֹת רַגְלֵי
הַכֹּהֲנִים אֶל הֶחָרָבָה וַיָּשֻׁבוּ מֵי־הַיַּרְדֵּן לִמְקוֹמָם וַיֵּלְכוּ
כִתְמוֹל־שִׁלְשׁוֹם עַל־כָּל־גְּדוֹתָיו׃ וְהָעָם עָלוּ מִן־הַיַּרְדֵּן 19

הָאבֶּען זֵייא דָארְט אַנִידֶערְגֶעלֵייגְט: 9 אוּנְד צְוֶועלְף שְׁטֵיינֶער הָאט יְהוֹשֻׁעַ אוֹיפְגֶעשְׁטֶעלְט אִין מִיטֶען פוּן דֶעם יַרְדֵן, אוּנְטֶער דֶעם בֶּעשְׁטַאנְד פוּן דִיא פִיס פוּן דִיא כֹּהֲנִים וָואס הָאבֶּען גֶעטְרָאגֶען דֶעם אָרוֹן הַבְּרִית. אוּנְד זֵייא זֶענֶען דָארְט גֶעוֶועזֶען בִּיז צוּם הֵיינְטִיגֶען טָאג: 10 אוּנְד דִיא כֹּהֲנִים וָואס הָאבֶּען גֶעטְרָאגֶען דֶעם אָרוֹן, זֶענֶען גֶעשְׁטַאנֶען אִין מִיטֶען פוּן דֶעם יַרְדֵן, בִּיז דָאס גַאנְצֶע וָוארְט אִיז גֶעעֶנְדִיגְט גֶעוָוארֶען וָואס דֶער הַאר הָאט גֶעבָּאטֶען יְהוֹשֻׁעַ צוּ רֶעדֶען צוּם פָאלְק, נָאךְ אַלֶעם וָואס מֹשֶׁה הָאט גֶעבָּאטֶען יְהוֹשֻׁעַ, אוּנְד דָאס פָאלְק הָאט גֶעאֵיילְט אוּנְד זֶענֶען אַרִיבֶּערְגֶעגַאנְגֶען: 11 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען וֶוען דָאס גַאנְצֶע פָאלְק אִיז גַאנְץ אַרִיבֶּערְגֶעגַאנְגֶען, אַזוֹי אִיז דֶער אָרוֹן פוּן גָאט אַרִיבֶּערְגֶעגַאנְגֶען מִיט דִיא כֹּהֲנִים פָאר דֶעם פָאלְק: 12 אוּנְד עֶס זֶענֶען אַרִיבֶּערְגֶעגַאנְגֶען דִיא קִינְדֶער פוּן רְאוּבֵן, אוּנְד דִיא קִינְדֶער פוּן גָד, אוּנְד אַ הַאלְבֶּער שֵׁבֶט פוּן מְנַשֶּׁה, גֶעוָואפֶּענְט פָאר דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל, אַזוֹי וִויא מֹשֶׁה הָאט צוּ זֵייא גֶערֶעדט: 13 אַן עֶרֶךְ פוּן פִירְצִיג טוֹיזֶענְד מַאן גֶעוָואפֶּענְט צוּ דֶער הֶערְשַׁאר, זֶענֶען אַרִיבֶּערְגֶעגַאנְגֶען פָאר דֶעם הַאר צוּ דֶער מִלְחָמָה, צוּם פְּלוֹין פוּן יְרִיחוֹ: 14 אִין דֶעם דָאזִיגֶען טָאג הָאט דֶער הַאר יְהוֹשֻׁעַ גְרוֹיס גֶעמַאכְט אִין דִיא אוֹיגֶען פוּן דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אִיהְם גֶעפָארְכְטֶען, אַזוֹי וִויא זֵייא הָאבֶּען מֹשֶׁה גֶעפָארְכְטֶען, אַלֶע טֶעג פוּן זֵיין לֶעבֶּען: 15 אוּנְד דֶער הַאר הָאט גֶעזָאגְט צוּ יְהוֹשֻׁעַ אַזוֹי צוּ זָאגֶען: 16 גֶעבִּיט דִיא כֹּהֲנִים וָואס טְרָאגֶען דֶעם אָרוֹן פוּן דֶעם צֵייגְנִיס, אַז זֵייא זָאלֶען אַרוֹיפְגֵיין פוּן דֶעם יַרְדֵן: 17 אוּנְד יְהוֹשֻׁעַ הָאט גֶעבָּאטֶען דִיא כֹּהֲנִים, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, גֵייט אַרוֹיף פוּן דֶעם יַרְדֵן: 18 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען וֶוען דִיא כֹּהֲנִים, וָואס הָאבֶּען גֶעטְרָאגֶען דֶעם אָרוֹן פוּן דֶעם הַאר, זֶענֶען אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען פוּן מִיטֶען פוּן דֶעם יַרְדֵן, וֶוען דִיא פִיס פוּן דִיא כֹּהֲנִים הָאבֶּען זִיךְ אָפְּגֶערִיקְט אוֹיף דָאס טְרוּקֶענֶע, אַזוֹי זֶענֶען דִיא וַואסֶער פוּן דֶעם יַרְדֵן צוּרִיקְגֶעקֶעהְרְט צוּ זֵייעֶר אָרְט, אוּנְד אִיז גֶעגַאנְגֶען (אָדֶער גֶעפְלָאסֶען) וִויא נֶעכְטֶען אוּנְד אֵייעֶרְנֶעכְטֶען אוֹיף אַלֶע זֵיינֶע בְּרֶעגֶען: 19 אוּנְד דָאס פָאלְק אִיז אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען פוּן דֶעם יַרְדֵן

אִים

בֶּעָשׂוֹר לַחֹדֶשׁ הָרִאשׁוֹן וַיַּחֲנוּ בַּגִּלְגָּל בִּקְצֵה מִזְרַח יְרִיחוֹ׃
כ וְאֵת שְׁתֵּים עֶשְׂרֵה הָאֲבָנִים הָאֵלֶּה אֲשֶׁר לָקְחוּ מִן
21 הַיַּרְדֵּן הֵקִים יְהוֹשֻׁעַ בַּגִּלְגָּל׃ וַיֹּאמֶר אֶל־בְּנֵי יִשְׂרָאֵל
לֵאמֹר אֲשֶׁר יִשְׁאָלוּן בְּנֵיכֶם מָחָר אֶת־אֲבוֹתָם לֵאמֹר
22 מָה הָאֲבָנִים הָאֵלֶּה׃ וְהוֹדַעְתֶּם אֶת־בְּנֵיכֶם לֵאמֹר
23 בַּיַּבָּשָׁה עָבַר יִשְׂרָאֵל אֶת־הַיַּרְדֵּן הַזֶּה׃ אֲשֶׁר־הוֹבִישׁ
יְהוָה אֱלֹהֵיכֶם אֶת־מֵי הַיַּרְדֵּן מִפְּנֵיכֶם עַד־עָבְרְכֶם
כַּאֲשֶׁר עָשָׂה יְהוָה אֱלֹהֵיכֶם לְיַם־סוּף אֲשֶׁר־הוֹבִישׁ
24 מִפָּנֵינוּ עַד־עָבְרֵנוּ׃ לְמַעַן דַּעַת כָּל־עַמֵּי הָאָרֶץ אֶת־יַד
יְהוָה כִּי חֲזָקָה הִיא לְמַעַן יְרָאתֶם אֶת־יְהוָה אֱלֹהֵיכֶם
כָּל־הַיָּמִים׃

## ה ה

א וַיְהִי כִשְׁמֹעַ כָּל־מַלְכֵי הָאֱמֹרִי אֲשֶׁר בְּעֵבֶר הַיַּרְדֵּן יָמָּה
וְכָל־מַלְכֵי הַכְּנַעֲנִי אֲשֶׁר עַל־הַיָּם אֵת אֲשֶׁר־הוֹבִישׁ יְהוָה
אֶת־מֵי הַיַּרְדֵּן מִפְּנֵי בְנֵי־יִשְׂרָאֵל עַד־עָבְרָם וַיִּמַּס לְבָבָם
2 וְלֹא־הָיָה בָם עוֹד רוּחַ מִפְּנֵי בְּנֵי־יִשְׂרָאֵל׃ בָּעֵת
הַהִיא אָמַר יְהוָה אֶל־יְהוֹשֻׁעַ עֲשֵׂה לְךָ חַרְבוֹת צֻרִים
3 וְשׁוּב מֹל אֶת־בְּנֵי־יִשְׂרָאֵל שֵׁנִית׃ וַיַּעַשׂ־לוֹ יְהוֹשֻׁעַ חַרְבוֹת
4 צֻרִים וַיָּמָל אֶת־בְּנֵי יִשְׂרָאֵל אֶל־גִּבְעַת הָעֲרָלוֹת׃ וְזֶה
הַדָּבָר אֲשֶׁר־מָל יְהוֹשֻׁעַ כָּל־הָעָם הַיֹּצֵא מִמִּצְרַיִם
הַזְּכָרִים כֹּל ׀ אַנְשֵׁי הַמִּלְחָמָה מֵתוּ בַמִּדְבָּר בַּדֶּרֶךְ בְּצֵאתָם
ה מִמִּצְרָיִם׃ כִּי־מֻלִים הָיוּ כָּל־הָעָם הַיֹּצְאִים וְכָל־הָעָם
6 הַיִּלֹּדִים בַּמִּדְבָּר בַּדֶּרֶךְ בְּצֵאתָם מִמִּצְרַיִם לֹא־מָלוּ׃ כִּי ׀
אַרְבָּעִים שָׁנָה הָלְכוּ בְנֵי־יִשְׂרָאֵל בַּמִּדְבָּר עַד־תֹּם כָּל־
הַגּוֹי אַנְשֵׁי הַמִּלְחָמָה הַיֹּצְאִים מִמִּצְרַיִם אֲשֶׁר לֹא־שָׁמְעוּ
בְּקוֹל יְהוָה אֲשֶׁר נִשְׁבַּע יְהוָה לָהֶם לְבִלְתִּי הַרְאוֹתָם
אֶת־הָאָרֶץ אֲשֶׁר נִשְׁבַּע יְהוָה לַאֲבוֹתָם לָתֶת לָנוּ אֶרֶץ

אים צעהנטען טאג פון דעם ערשטען חודש, אונד זייא האבען זיך געלאגערט אין גלגל, אים עק מזרח זייט פון יריחו; 20 אונד דיא דאזיגע צוועלף שטיינער, וואס זייא האבען גענומען פון דעם ירדן האט יהושע אויפגעשטעלט אין גלגל; 21 אונד ער האט געזאגט צו דיא קינדער ישראל אזוי צו זאגען, ווען אייערע קינדער וועלען זייערע עלטערן מארגען פרעגען, אונד זאגען, וואס בעדייטען דיא דאזיגע שטיינער? 22 אזוי זאלט איהר אייערע קינדער צו וויסען טהון אונד זאגען, אז ישראל איז אויף דער טרוקעניס אריבערגעגאנגען דיזען ירדן: 23 ווען דער האר אייער גאט האט אויסגעטריקענט דיא וואסער פון דעם ירדן פאר אייך ביז איהר זענט אריבערגעגאנגען, אזוי ווי דער האר אייער גאט האט געטהון צו דעם ים סוף וואס ער האט פאר אונס אויסגעטרוקענט ביז מיר זענען אריבערגעגאנגען: 24 כדי אלע פעלקער פון דער ערד זאלען וויסען אז דיא האנד פון דעם האר איז שטארק, אז איהר זאלט פארכטען דעם האר אייער גאט אלע טעג:

## קאפיטעל ה

1 אונד עס איז געוועזען ווען אלע מלכים פון אמרי וואס זענען אויף דער מערב־זייט פון דעם ירדן, אונד אלע מלכים פון דעם כנעני וואס זענען בייא דעם ים האבען געהערט אז דער האר האט אויסגעטריקענט דיא וואסער פון דעם ירדן פאר דיא קינדער ישראל ביז זייא זענען אריבערגעגאנגען, זענען זייערע הערצער צושמאלצען געווארען, אונד עס איז אין זייא ניט געבליבען קיין מוטה פאר דיא קינדער ישראל: 2 אין דער זעלביגער צייט האט דער האר געזאגט צו יהושע, מאך דיר שארפע שווערד (מעסער), אונד בעשנייד ווידער דיא קינדער ישראל דאס אנדערע מאל: 3 אונד יהושע האט זיך געמאכט שארפע שווערד (מעסער), אונד ער האט דיא קינדער ישראל בעשניטען בייא גבעת פון ערלות: 4 אונד דאס איז דיא זאך פאר־וואס יהושע האט (זייא) בעשניטען, דאס גאנצע פאלק וואס איז ארויסגעגאנגען פון מצרים, דיא זכרים אלע מלחמה לייט זענען אויסגעשטארבען אין דער מדבר, אויף דעם וועג, ווען זייא זענען ארויסגעגאנגען פון מצרים: 5 ווארין דאס גאנצע פאלק וואס איז ארויסגעגאנגען, איז געוועזען געמלת, אבער דאס גאנצע פאלק וואס איז געבוירען געווארען אין דער מדבר אויף דעם וועג, אין זייער ארויסגיין פון מצרים, זענען ניט געוועזען געמלת: 6 ווארין פירציג יאהר זענען דיא קינדער ישראל ארומגעגאנגען אין דער מדבר ביז דאס גאנצע פאלק, דיא מלחמה לייט, וואס זענען ארויסגעקומען פון מצרים זענען אויסגעשטארבען, ווייל זייא האבען ניט געהארכט צו דעם קול פון גאט, וואס גאט האט צו זייא געשוואוירען, אז זייא זאלען ניט זעהען דאס לאנד וואס גאט האט געשוואוירען צו זייערע אבות, צו אונס צו געבען, א לאנד

וואס

זָבַת חָלָב וּדְבָשׁ׃ וְאֶת־בְּנֵיהֶם הֵקִים תַּחְתָּם אֹתָם מָל 7
יְהוֹשֻׁעַ כִּי־עֲרֵלִים הָיוּ כִּי לֹא־מָלוּ אוֹתָם בַּדָּרֶךְ׃ וַיְהִי 8
כַּאֲשֶׁר־תַּמּוּ כָל־הַגּוֹי לְהִמּוֹל וַיֵּשְׁבוּ תַחְתָּם בַּמַּחֲנֶה עַד
חֲיוֹתָם׃ וַיֹּאמֶר יְהוָה אֶל־יְהוֹשֻׁעַ הַיּוֹם גַּלּוֹתִי אֶת־ 9
חֶרְפַּת מִצְרַיִם מֵעֲלֵיכֶם וַיִּקְרָא שֵׁם הַמָּקוֹם הַהוּא גִּלְגָּל
עַד הַיּוֹם הַזֶּה׃ וַיַּחֲנוּ בְנֵי־יִשְׂרָאֵל בַּגִּלְגָּל וַיַּעֲשׂוּ אֶת־הַפֶּסַח י
בְּאַרְבָּעָה עָשָׂר יוֹם לַחֹדֶשׁ בָּעֶרֶב בְּעַרְבוֹת יְרִיחוֹ׃ וַיֹּאכְלוּ 11
מֵעֲבוּר הָאָרֶץ מִמָּחֳרַת הַפֶּסַח מַצּוֹת וְקָלוּי בְּעֶצֶם הַיּוֹם
הַזֶּה׃ וַיִּשְׁבֹּת הַמָּן מִמָּחֳרָת בְּאָכְלָם מֵעֲבוּר הָאָרֶץ וְלֹא־ 12
הָיָה עוֹד לִבְנֵי יִשְׂרָאֵל מָן וַיֹּאכְלוּ מִתְּבוּאַת אֶרֶץ כְּנַעַן
בַּשָּׁנָה הַהִיא׃ וַיְהִי בִּהְיוֹת יְהוֹשֻׁעַ בִּירִיחוֹ וַיִּשָּׂא עֵינָיו 13
וַיַּרְא וְהִנֵּה־אִישׁ עֹמֵד לְנֶגְדּוֹ וְחַרְבּוֹ שְׁלוּפָה בְּיָדוֹ וַיֵּלֶךְ
יְהוֹשֻׁעַ אֵלָיו וַיֹּאמֶר לוֹ הֲלָנוּ אַתָּה אִם־לְצָרֵינוּ׃ וַיֹּאמֶר ׀ 14
לֹא כִּי אֲנִי שַׂר־צְבָא־יְהוָה עַתָּה בָאתִי וַיִּפֹּל יְהוֹשֻׁעַ
אֶל־פָּנָיו אַרְצָה וַיִּשְׁתָּחוּ וַיֹּאמֶר לוֹ מָה אֲדֹנִי מְדַבֵּר אֶל־
עַבְדּוֹ׃ וַיֹּאמֶר שַׂר־צְבָא יְהוָה אֶל־יְהוֹשֻׁעַ שַׁל־נַעַלְךָ מֵעַל טו
רַגְלֶךָ כִּי הַמָּקוֹם אֲשֶׁר אַתָּה עֹמֵד עָלָיו קֹדֶשׁ הוּא וַיַּעַשׂ
יְהוֹשֻׁעַ כֵּן׃

ו

וִירִיחוֹ סֹגֶרֶת וּמְסֻגֶּרֶת מִפְּנֵי בְּנֵי יִשְׂרָאֵל אֵין יוֹצֵא וְאֵין א
בָּא׃ וַיֹּאמֶר יְהוָה אֶל־יְהוֹשֻׁעַ רְאֵה נָתַתִּי בְיָדְךָ אֶת־ 2
יְרִיחוֹ וְאֶת־מַלְכָּהּ גִּבּוֹרֵי הֶחָיִל׃ וְסַבֹּתֶם אֶת־הָעִיר כֹּל 3
אַנְשֵׁי הַמִּלְחָמָה הַקֵּיף אֶת־הָעִיר פַּעַם אֶחָת כֹּה תַעֲשֶׂה
שֵׁשֶׁת יָמִים׃ וְשִׁבְעָה כֹהֲנִים יִשְׂאוּ שִׁבְעָה שׁוֹפְרוֹת 4
הַיּוֹבְלִים לִפְנֵי הָאָרוֹן וּבַיּוֹם הַשְּׁבִיעִי תָּסֹבּוּ אֶת־הָעִיר
שֶׁבַע פְּעָמִים וְהַכֹּהֲנִים יִתְקְעוּ בַּשּׁוֹפָרוֹת׃ וְהָיָה בִּמְשֹׁךְ ׀ ה
בְּקֶרֶן הַיּוֹבֵל בְּשָׁמְעֲכֶם אֶת־קוֹל הַשּׁוֹפָר יָרִיעוּ כָל־הָעָם

וואס פליסט מיט מילך אונד האניג:
7 אונד ער האט זיירע קינדער אויפגע־
שטעלט אויף זייער ארט; זייא האט
יהושע געמלת, דען זייא זענען געוועזען
ערלים, ווארין מען האט זייא ניט געמלת
אויף דעם וועג: 8 אונד עס איז געוועזען,
ווען דאס גאנצע פאלק איז געוועזען
אים גאנצען געמלת, אזוי זענען זייא
געבליבען אין זיירע שטעל אין דער
מחנה ביז זייא זענען געזונד געווארען:
9 אונד דער האר האט געזאגט צו
יהושע, היינט האב איך אפגעראלט דיא
שאנד פון מצרים פון אייך, אונד מען
האט גערופען דעם נאמען פון דעם דא־
זיגען ארט גלגל ביז צום היינטיגען טאג:
10 אונד דיא קינדער ישראל האבען
זיך געלאגערט אין גלגל; אונד זייא
האבען געמאכט דאס (קרבן) פסח, אין
דעם פירצענטען טאג פון דעם חודש
אם אבענד, אין דעם פלוין פון יריחו:
11 אונד זייא האבען געגעסען פון דער
תבואה פון דעם לאנד אן דעם אנדערן
טאג פסח, מצות אונד געטריקענטע
(זאנגען) אין דעמזעלביגען טאג: 12 אונד
דער מן האט אויפגעהערט פון דעם
אנדערן טאג, ווען זייא האבען געגעסען פון דער תבואה פון דעם לאנד, ווארין עס
איז ניט מעהר געוועזען קיין מן פאר דיא קינדער ישראל, אונד זייא האבען געגעסען
פון דער תבואה פון דעם לאנד כנען אין דעמזעלביגען יאהר: 13 אונד עס איז
געוועזען ווען יהושע וואר בייא יריחו, אזוי האט ער אויפגעהויבען זיינע אויגען
אונד האט געזעהען, אונד זעה, א מאן איז געשטאנען ענטקעגען איהם, אונד
אן אויסגעשטרעקטעס שווערד אין זיינע האנד; אונד יהושע איז צו איהם צוגעגאנגען
אונד האט צו איהם געזאגט, ביזט דוא פאר אונס אדער פאר אונזערע פיינד?
14 אונד ער האט געזאגט ניין! נייערט איך בין דער האר איבער דעם חיל פון
גאט, איך בין יעצט געקומען; אזוי איז יהושע אנידערגעפאלען מיט זיין פנים
אויף דער ערד אונד ער האט זיך געביקט, אונד האט צו איהם געזאגט, וואס
רעט מיין האר צו זיין קנעכט? 15 אונד דער האר פון גאט'ס חיל האט געזאגט
צו יהושע, ציה אפ דיינע שיך פון דיינע פים, ווארין דער ארט וואס דוא שטייסט
אויף איהם ער איז הייליג, אונד יהושע האט אזוי געטהון:

## קאפיטעל ו

1 אונד יריחו איז געוועזען גאנץ שטארק פערשלאסען פאר דיא קינדער ישראל,
קיינער איז ארויסגעגאנגען אונד קיינער איז אריינגעקומען: 2 אונד גאט האט
געזאגט צו יהושע, זעה, איך האב אין דיינע האנד געגעבען יריחו אונד איהר מלך,
אונד דיא שטארקע חיל'ס לייט: 3 אונד איהר זאלט ארומרינגעלן דיא שטאט,
אלע מלחמה לייט זאלען ארומרינגעלן דיא שטאט איין מאל; אזוי זאלסט דוא
טהון זעקס טעג: 4 אונד זיבען כהנים זאלען טראגען זיבען שופרות פון ווי־
דערס פאר דעם ארון, אונד אין דעם זיבענטען טאג זאלט איהר ארומרינגעלן
דיא שטאט זיבען מאל, אונד דיא כהנים זאלען בלאזען מיט דיא שופרות:
5 אונד עס וועט זיין, ווען מען וועט לאנג בלאזען מיט דעם הארן, פון דעם ווידער,
ווען איהר וועט הערען דאס קול פון שופר, אזוי זאל דאס גאנצע פאלק אויפהייבען

תְּרוּעָה גְדוֹלָה וְנָפְלָה חוֹמַת הָעִיר תַּחְתֶּיהָ וְעָלוּ הָעָם
6 אִישׁ נֶגְדּוֹ׃ וַיִּקְרָא יְהוֹשֻׁעַ בִּן־נוּן אֶל־הַכֹּהֲנִים וַיֹּאמֶר
אֲלֵהֶם שְׂאוּ אֶת־אֲרוֹן הַבְּרִית וְשִׁבְעָה כֹהֲנִים יִשְׂאוּ שִׁבְעָה
7 שׁוֹפְרוֹת יוֹבְלִים לִפְנֵי אֲרוֹן יְהוָה׃ וַיֹּאמְרוּ אֶל־הָעָם
עִבְרוּ וְסֹבּוּ אֶת־הָעִיר וְהֶחָלוּץ יַעֲבֹר לִפְנֵי אֲרוֹן יְהוָה׃
8 וַיְהִי כֶּאֱמֹר יְהוֹשֻׁעַ אֶל־הָעָם וְשִׁבְעָה הַכֹּהֲנִים נֹשְׂאִים
שִׁבְעָה שׁוֹפְרוֹת הַיּוֹבְלִים לִפְנֵי יְהוָה עָבְרוּ וְתָקְעוּ
9 בַּשּׁוֹפָרוֹת וַאֲרוֹן בְּרִית יְהוָה הֹלֵךְ אַחֲרֵיהֶם׃ וְהֶחָלוּץ
הֹלֵךְ לִפְנֵי הַכֹּהֲנִים תֹּקְעוּ הַשּׁוֹפָרוֹת וְהַמְאַסֵּף הֹלֵךְ אַחֲרֵי
י הָאָרוֹן הָלוֹךְ וְתָקוֹעַ בַּשּׁוֹפָרוֹת׃ וְאֶת־הָעָם צִוָּה יְהוֹשֻׁעַ
לֵאמֹר לֹא תָרִיעוּ וְלֹא־תַשְׁמִיעוּ אֶת־קוֹלְכֶם וְלֹא־יֵצֵא
מִפִּיכֶם דָּבָר עַד יוֹם אָמְרִי אֲלֵיכֶם הָרִיעוּ וַהֲרֵיעֹתֶם׃
11 וַיַּסֵּב אֲרוֹן־יְהוָה אֶת־הָעִיר הַקֵּף פַּעַם אֶחָת וַיָּבֹאוּ הַמַּחֲנֶה
12 וַיָּלִינוּ בַּמַּחֲנֶה׃ וַיַּשְׁכֵּם יְהוֹשֻׁעַ בַּבֹּקֶר וַיִּשְׂאוּ הַכֹּהֲנִים
13 אֶת־אֲרוֹן יְהוָה׃ וְשִׁבְעָה הַכֹּהֲנִים נֹשְׂאִים שִׁבְעָה שׁוֹפְרוֹת
הַיֹּבְלִים לִפְנֵי אֲרוֹן יְהוָה הֹלְכִים הָלוֹךְ וְתָקְעוּ בַּשּׁוֹפָרוֹת
וְהֶחָלוּץ הֹלֵךְ לִפְנֵיהֶם וְהַמְאַסֵּף הֹלֵךְ אַחֲרֵי אֲרוֹן יְהוָה
14 הוֹלֵךְ וְתָקוֹעַ בַּשּׁוֹפָרוֹת׃ וַיָּסֹבּוּ אֶת־הָעִיר בַּיּוֹם הַשֵּׁנִי
פַּעַם אַחַת וַיָּשֻׁבוּ הַמַּחֲנֶה כֹּה עָשׂוּ שֵׁשֶׁת יָמִים׃
טו וַיְהִי ׀ בַּיּוֹם הַשְּׁבִיעִי וַיַּשְׁכִּמוּ כַּעֲלוֹת הַשַּׁחַר וַיָּסֹבּוּ
אֶת־הָעִיר כַּמִּשְׁפָּט הַזֶּה שֶׁבַע פְּעָמִים רַק בַּיּוֹם הַהוּא
16 סָבְבוּ אֶת־הָעִיר שֶׁבַע פְּעָמִים׃ וַיְהִי בַּפַּעַם הַשְּׁבִיעִית
תָּקְעוּ הַכֹּהֲנִים בַּשּׁוֹפָרוֹת וַיֹּאמֶר יְהוֹשֻׁעַ אֶל־הָעָם
17 הָרִיעוּ כִּי־נָתַן יְהוָה לָכֶם אֶת־הָעִיר׃ וְהָיְתָה הָעִיר
חֵרֶם הִיא וְכָל־אֲשֶׁר־בָּהּ לַיהוָה רַק רָחָב הַזּוֹנָה
תִּחְיֶה הִיא וְכָל־אֲשֶׁר אִתָּהּ בַּבַּיִת כִּי הֶחְבְּאַתָה אֶת־
18 הַמַּלְאָכִים אֲשֶׁר שָׁלָחְנוּ׃ וְרַק־אַתֶּם שִׁמְרוּ מִן־הַחֵרֶם

אַ גְרוֹיס גֶעשְׁרֵייא, אוּנְד דִיא מוֹיעֶרְן פוּן דֶער שְׁטָאט וֶועלֶען הִינְטֶער זִיךְ אֵיינְפַאַלֶען, אוּנְד דָאס פָאלְק וֶועט אַרוֹיפְגֵיין אִיטְלִיכֶער פַאר זִיךְ׃ 6 אוּנְד יְהוֹשֻׁעַ בִּן נוּן הָאט גֶערוּפֶען דִיא כֹּהֲנִים, אוּנְד עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, הֵייבְּט אוֹיף דֶעם אָרוֹן הַבְּרִית, אוּנְד זִיבֶּען כֹּהֲנִים זָאלֶען טְרָאגֶען זִיבֶּען שׁוֹפְרוֹת פוּן ווִידֶער פָאר דֶעם אָרוֹן פוּן דֶעם הַאר׃ 7 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט צוּ דֶעם פָאלְק, גֵייט אַרִיבֶּער אוּנְד רִינְגֶעלְט אַרוּם דִיא שְׁטָאט, אוּנְד דֶער וָואס אִיז גֶעוָואפֶּענְט, זָאל אַרִיבֶּערְגֵיין פָאר דֶעם אָרוֹן פוּן דֶעם הַאר׃ 8 אוּנְד עֶס אִיז אַזוֹי גֶעוֶועזֶען ווִיא יְהוֹשֻׁעַ הָאט גֶעזָאגְט צוּם פָאלְק, אוּנְד דִיא זִיבֶּען כֹּהֲנִים וָואס הָאבֶּען גֶעטְרָאגֶען זִיבֶּען שׁוֹפְרוֹת פוּן ווִידֶער פָאר דֶעם הַאר, זֶענֶען אַרִיבֶּערְגֶעגַאנְגֶען, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעבְּלָאזֶען מִיט דִיא שׁוֹפְרוֹת, אוּנְד דֶער אָרוֹן בְּרִית פוּן דֶעם הַאר אִיז זֵייא נָאכְגֶעגַאנְגֶען׃ 9 אוּנְד דִיא גֶעוָואפֶּענְטֶע זֶענֶען גֶעגַאנְגֶען פָאר דִיא כֹּהֲנִים וָואס הָאבֶּען גֶעבְּלָאזֶען דִיא שׁוֹפְרוֹת, אוּנְד דִיא פֶערְזַאמֶעלְטֶע זֶענֶען גֶעגַאנְגֶען הִינְטֶער דֶעם אָרוֹן, בַּייא דֶעם גֵיין הָאבֶּען זֵייא גֶעבְּלָאזֶען מִיט דִיא שׁוֹפְרוֹת׃ 10 אוּנְד דֶעם פָאלְק הָאט יְהוֹשֻׁעַ גֶעבָּאטֶען אַזוֹי צוּ זָאגֶען, אִיהְר זָאלְט נִיט שְׁרֵייעֶן אוּנְד אִיהְר זָאלְט נִיט הֶערֶען לָאזֶען אֵייעֶר קוֹל, אוּנְד עֶס זָאל קֵיין וָוארְט אוֹיס אֵייעֶר מוֹיל אַרוֹיסְגֵיין בִּיז צוּ דֶעם טָאג וָואס אִיךְ וֶועל אֵייךְ זָאגֶען אַז אִיהְר זָאלְט שְׁרֵייעֶן׃ 11 אוּנְד דֶער אָרוֹן פוּן גָאט הָאט אַרוּמְגֶערִינְגֶעלְט דִיא שְׁטָאט אֵיין מָאל, אוּנְד זֵייא זֶענֶען גֶעקוּמֶען אִין דֶער מַחֲנֶה, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶענֶעכְטִיגְט אִין דֶער מַחֲנֶה׃ 12 אוּנְד יְהוֹשֻׁעַ אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען אִין דֶעם פְרִיה־מָארְגֶען, אוּנְד דִיא כֹּהֲנִים הָאבֶּען גֶעטְרָאגֶען דֶעם אָרוֹן פוּן גָאט׃ 13 אוּנְד דִיא זִיבֶּען כֹּהֲנִים וָואס הָאבֶּען גֶעטְרָאגֶען דִיא זִיבֶּען שׁוֹפְרוֹת פוּן ווִידֶער׳ס פָאר דֶעם אָרוֹן פוּן דֶעם הַאר, זֶענֶען גֶעגַאנְגֶען אוּנְד הָאבֶּען גֶעבְּלָאזֶען מִיט דִיא שׁוֹפְרוֹת, אוּנְד דִיא גֶעוָואפֶּענְטֶע זֶענֶען פָאר זֵייא גֶעגַאנְגֶען, אוּנְד דִיא פֶערְזַאמֶעלְטֶע זֶענֶען גֶעגַאנְגֶען הִינְטֶער דֶעם אָרוֹן פוּן דֶעם הַאר, וֶוען זֵייא זֶענֶען גֶעגַאנְגֶען הָאבֶּען זֵייא גֶעבְּלָאזֶען מִיט דִיא שׁוֹפְרוֹת׃ 14 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען דִיא שְׁטָאט אַרוּמְגֶערִינְגֶעלְט דֶעם אַנְדֶערְן טָאג אֵיין מָאל, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען צוּרִיקְגֶעקֶעהְרְט צוּ דֶער מַחֲנֶה; אַזוֹי הָאבֶּען זֵייא גֶעטְהוּן זֶעקְס טֶעג׃ 15 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אִין דֶעם זִיבֶּעטֶען טָאג, אַזוֹי זֶענֶען זֵייא פְרִיה אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען וֶוען דֶער מָארְגֶענְשְׁטֶערְן אִיז אוֹיפְגֶעגַאנְגֶען, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען דִיא שְׁטָאט אַרוּמְגֶערִינְגֶעלְט נָאךְ דֶעם דָאזִיגֶען שְׁטֵייגֶער, זִיבֶּען מָאל; נוּר דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען טָאג הָאבֶּען זֵייא אַרוּמְגֶערִינְגֶעלְט דִיא שְׁטָאט זִיבֶּען מָאל׃ 16 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען וֶוען דִיא כֹּהֲנִים הָאבֶּען גֶעבְּלָאזֶען מִיט דִיא שׁוֹפְרוֹת דָאס זִיבֶּעטֶע מָאל, אַזוֹי הָאט יְהוֹשֻׁעַ גֶעזָאגְט צוּ דֶעם פָאלְק שְׁרֵייט, וָוארִין גָאט הָאט צוּ אֵייךְ גֶעגֶעבֶּען דִיא שְׁטָאט׃ 17 אוּנְד דִיא שְׁטָאט זָאל אִין חֵרֶם גֶעלֵייגְט וֶוערֶען, זִיא אוּנְד אַלֶעס וָואס אִיז אִין אִיהְר צוּ גָאט, נוּר רָחָב דִיא שְׁפֵּייזֶערִין זָאל בְּלֵייבֶּען לֶעבֶּען, זִיא, אוּנְד אַלֶע וָואס זֶענֶען בַּייא אִיהְר אִים הוֹיז, ווַייל זִיא הָאט בֶּעהַאלְטֶען דִיא מְרַגְּלִים, וָואס מִיר הָאבֶּען אַרוֹיסְגֶעשִׁיקְט׃ 18 גֵייעֶרְט אִיהְר זָאלְט אֵייךְ הִיטֶען פַאר דֶעם פֶער־חֵרֶם׳טֶען

אַז אִיהְר זָאלְט נִיט נֶעמֶען פוּן דֶעם חֵרֶם, טָאמֶער וֶועט אִיהְר פֶּערְ'חֵרֶם'ט וֶוערֶען, אוּנְד דַאמִיט דִיא מַחֲנֶה פוּן יִשְׂרָאֵל אִין חֵרֶם אַרֵיינְלֵייגֶען, אוּנְד אוּמְגְלִיקְלִיךְ מַאכֶען: 19 אָבֶּער אַלֶעם זִילְבֶּער אוּנְד גָאלְד, אוּנְד קוּפֶּערְנֶע אוּנְד אֵייזֶערְנֶע כֵּלִים זָאלֶען זַיין הֵיילִיג צוּ גָאט, אִין דֶעם אוֹצָר פוּן גָאט זָאל עֶס אַרֵיינְגֶעבְּרַאכְט וֶוערֶען: 20 אוּנְד דָאס פָאלְק הָאט גֶעשַׂאלְט, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעבְּלָאזֶען מִיט שׁוֹפְרוֹת; אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען וֶוען דָאס פָאלְק הָאט גֶעהֶערְט דָאס קוֹל פוּן דֶעם שׁוֹפָר, אַזוֹי הָאט דָאס פָאלְק גֶעשְׁרִיעֶן אַ גְרוֹיס גֶעשְׁרֵייא, אוּנְד דִיא מוֹיעֶר אִיז הִינְטֶער זִיךְ גֶעפַאלֶען; אוּנְד דָאס פָאלְק אִיז אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען אִין דִיא שְׁטָאט, אִיטְלִיכֶער פַאר זִיךְ, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אֵיינְגֶענוּמֶען דִיא שְׁטָאט: 21 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען פֶערְוִוּיסְט אַלֶעם וָואס אִיז גֶעוֶועזֶען אִין דֶער שְׁטָאט, פוּן אַ מַאן בִּיז אַ פְרוֹיא, פוּן יוּנְג בִּיז אַלְט, פוּן אַן אָקְס, אוּנְד אַ לַאם, אוּנְד אֵייזֶעל דוּרְךְ דָאס שְׁוֶוערְד: 22 אוּנְד צוּ דִיא צְוֵוייא מֶענֶער וָואס הָאבֶּען אוֹיסְגֶעזֶעהֶען דָאס לַאנְד הָאט יְהוֹשֻׁעַ גֶעזָאגְט, גֵייט אַרֵיין אִין דֶעם הוֹיז פוּן דֶעם וַוייבּ, דִיא זוֹנָה, אוּנְד בְּרֶענְגְט אַרוֹיס פוּן דָארְט דָאס וַוייבּ אוּנְד אַלֶעם וָואס גֶעהֶערְט צוּ אִיהְר, אַזוֹי וִויא אִיהְר הָאט צוּ אִיהְר גֶעשְׁוואוֹירֶען: 23 אוּנְד דִיא יוּנְגֶען, דִיא אוֹיסְזֶעהֶער זֶענֶען גֶעקוּמֶען, אוּנְד הָאבֶּען אַרוֹיסְגֶעבְּרֶענְגְט רָחָב, אוּנְד אִיהְר פָאטֶער, אוּנְד אִיהְרֶע מוּטֶער, אוּנְד אִיהְרֶע בְּרִידֶער, אוּנְד אַלֶעם וָואס גֶעהֶערְט צוּ אִיהְר; אוּנְד אִיהְרֶע גַאנְצֶע מִשְׁפָּחָה הָאבֶּען זֵייא אַרוֹיסְגֶעבְּרֶענְגְט, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זֵייא אַרוֹיסְגֶעפִיהְרְט אוֹיסֶעוֶוייניג פוּן דֶער מַחֲנֶה פוּן יִשְׂרָאֵל: 24 אוּנְד דִיא שְׁטָאט, אוּנְד אַלֶעם וָואס וַואר אִין אִיהְר, הָאבֶּען זֵייא פֶערְבְּרֶענְט מִיט פֵייעֶר, נוּר דָאס זִילְבֶּער אוּנְד דָאס גָאלְד, אוּנְד דִיא קוּפֶּערְנֶע אוּנְד אֵייזֶערְנֶע כֵּלִים הָאבֶּען זֵייא אַרֵיינְגֶעגֶעבֶּען אִין דֶעם אוֹצָר פוּן דֶעם הוֹיז פוּן גָאט: 25 אוּנְד רָחָב הַזּוֹנָה, אוּנְד דָאס הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן אִיהְר פָאטֶער, אוּנְד אַלֶעם וָואס גֶעהֶערְט צוּ אִיהְר הָאט יְהוֹשֻׁעַ גֶעלָאזְט לֶעבֶּען, אוּנְד זִיא הָאט גֶעוְואוֹינְט צְוִוישֶׁען יִשְׂרָאֵל בִּיז צוּ דֶעם הֵיינְטִיגֶען טָאג; וֵוייל זִיא הָאט בֶּעהַאלְטֶען דִיא מְרַגְּלִים וָואס יְהוֹשֻׁעַ הָאט גֶעשִׁיקְט אוֹיסְצוּזֶעהֶען יְרִיחוֹ: 26 אוּנְד יְהוֹשֻׁעַ הָאט צוּ דֶערְזֶעלְבִּיגֶער צֵייט גֶעשְׁוואוֹירֶען אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, פֶערְשָׁאלְטֶען זָאל זַיין דֶער מַאן פַאר גָאט וָואס וֶועט אוֹיפְשְׁטֵיין אוּנְד אוֹיפְבּוֹיעֶן דִיזֶע שְׁטָאט יְרִיחוֹ, מִיט זַיין (בְּכוֹר) עֶלְצְטֶען זוּהְן זָאל עֶר דֶעם גְרוּנְד לֵייגֶען, אוּנְד מִיט זַיין יוּנְגְסְטֶען זוּהְן זָאל עֶר אִיהְרֶע טִירֶען אוֹיפְשְׁטֶעלֶען: 27 אוּנְד דֶער הַאר אִיז גֶעוֶועזֶען מִיט יְהוֹשֻׁעַ, אוּנְד מֶען הָאט פוּן אִיהְם גֶעהֶערְט אִין דֶעם גַאנְצֶען לַאנְד:

קאפיטעל ז

1 אוּנְד דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל הָאבֶּען גֶעפֶּעלְשְׁט אַ פֶעלְשׁוּנְג אִין דֶעם חֵרֶם, וָוארִין עָכָן, זוּהְן פוּן כַּרְמִי, זוּהְן פוּן זַבְדִי, זוּהְן פוּן זֶרַח פוּן דֶעם שֵׁבֶט יְהוּדָה, הָאט גֶענוּמֶען פוּן דֶעם חֵרֶם, אוּנְד דֶער צָארְן פוּן דֶעם הַאר גָאט הָאט גֶעגְרִימְט אִיבֶּער דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל: 2 אוּנְד יְהוֹשֻׁעַ הָאט גֶעשִׁיקְט מֶענֶער פוּן יְרִיחוֹ קֵיין עַי, וָואס אִיז בֵּייא בֵּית אָוֶן אָן דֶער מִזְרַח־זֵייט פוּן בֵּית־אֵל, אוּנְד עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט אַזוֹי צוּ זָאגֶען, גֵייט אַרוֹיף אוּנְד זֶעהְט אוֹיס דָאס לַאנְד, אוּנְד דִיא מֶענֶער זֶענֶען אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען אוּנְד הָאבֶּען אוֹיסְגֶעזֶעהֶען

עי

פְּן־תַּחֲרִ֔ימוּ וּלְקַחְתֶּ֖ם מִן־הַחֵ֑רֶם וְשַׂמְתֶּ֞ם אֶת־מַחֲנֵ֧ה
יִשְׂרָאֵ֛ל לְחֵ֖רֶם וַעֲכַרְתֶּ֥ם אוֹתֽוֹ׃ וְכֹ֣ל ׀ כֶּ֣סֶף וְזָהָ֗ב וּכְלֵ֤י 19
נְחֹ֙שֶׁת֙ וּבַרְזֶ֔ל קֹ֥דֶשׁ ה֖וּא לַֽיהוָ֑ה אוֹצַ֥ר יְהוָ֖ה יָבֽוֹא׃ וַיָּ֣רַע כ
הָעָ֔ם וַֽיִּתְקְע֖וּ בַּשֹּֽׁפָר֑וֹת וַיְהִי֩ כִשְׁמֹ֨עַ הָעָ֜ם אֶת־ק֣וֹל הַשּׁוֹפָ֗ר
וַיָּרִ֤יעוּ הָעָם֙ תְּרוּעָ֣ה גְדוֹלָ֔ה וַתִּפֹּ֨ל הַחוֹמָ֜ה תַּחְתֶּ֗יהָ וַיַּ֨עַל
הָעָ֤ם הָעִ֙ירָה֙ אִ֣ישׁ נֶגְדּ֔וֹ וַֽיִּלְכְּד֖וּ אֶת־הָעִֽיר׃ וַֽיַּחֲרִ֙ימוּ֙ אֶת־ 21
כָּל־אֲשֶׁ֣ר בָּעִ֔יר מֵאִישׁ֙ וְעַד־אִשָּׁ֔ה מִנַּ֖עַר וְעַד־זָקֵ֑ן וְעַ֨ד שׁ֥וֹר
וָשֶׂ֛ה וַחֲמ֖וֹר לְפִי־חָֽרֶב׃ וְלִשְׁנַ֨יִם הָאֲנָשִׁ֜ים הַֽמְרַגְּלִ֤ים אֶת־ 22
הָאָ֙רֶץ֙ אָמַ֣ר יְהוֹשֻׁ֔עַ בֹּ֖אוּ בֵּית־הָאִשָּׁ֣ה הַזּוֹנָ֑ה וְהוֹצִ֨יאוּ
מִשָּׁ֤ם אֶת־הָֽאִשָּׁה֙ וְאֶת־כָּל־אֲשֶׁר־לָ֔הּ כַּאֲשֶׁ֖ר נִשְׁבַּעְתֶּ֥ם
לָֽהּ׃ וַיָּבֹ֜אוּ הַנְּעָרִ֣ים הַֽמְרַגְּלִ֗ים וַיֹּצִ֡יאוּ אֶת־רָ֠חָב וְאֶת־ 23
אָבִ֨יהָ וְאֶת־אִמָּ֤הּ וְאֶת־אַחֶ֙יהָ֙ וְאֶת־כָּל־אֲשֶׁר־לָ֔הּ וְאֵ֥ת כָּל־
מִשְׁפְּחוֹתֶ֖יהָ הוֹצִ֑יאוּ וַיַּ֙נִּיח֔וּם מִח֖וּץ לְמַחֲנֵ֥ה יִשְׂרָאֵֽל׃ וְהָעִ֛יר 24
שָׂרְפ֥וּ בָאֵ֖שׁ וְכָל־אֲשֶׁר־בָּ֑הּ רַ֣ק ׀ הַכֶּ֣סֶף וְהַזָּהָ֗ב וּכְלֵ֤י
הַנְּחֹ֙שֶׁת֙ וְהַבַּרְזֶ֔ל נָתְנ֖וּ אוֹצַ֥ר בֵּית־יְהוָֽה׃ וְאֶת־רָחָ֣ב הַ֠זּוֹנָה כה
וְאֶת־בֵּ֨ית אָבִ֤יהָ וְאֶת־כָּל־אֲשֶׁר־לָהּ֙ הֶחֱיָ֣ה יְהוֹשֻׁ֔עַ וַתֵּ֙שֶׁב֙
בְּקֶ֣רֶב יִשְׂרָאֵ֔ל עַ֖ד הַיּ֣וֹם הַזֶּ֑ה כִּ֤י הֶחְבִּ֙יאָה֙ אֶת־הַמַּלְאָכִ֔ים
אֲשֶׁר־שָׁלַ֥ח יְהוֹשֻׁ֖עַ לְרַגֵּ֥ל אֶת־יְרִיחֽוֹ׃ וַיַּשְׁבַּ֣ע יְהוֹשֻׁ֔עַ 26
בָּעֵ֥ת הַהִ֖יא לֵאמֹ֑ר אָר֨וּר הָאִ֜ישׁ לִפְנֵ֣י יְהוָ֗ה אֲשֶׁ֤ר יָקוּם֙
וּבָנָ֞ה אֶת־הָעִ֤יר הַזֹּאת֙ אֶת־יְרִיח֔וֹ בִּבְכֹר֣וֹ יְיַסְּדֶ֔נָּה וּבִצְעִיר֖וֹ
יַצִּ֥יב דְּלָתֶֽיהָ׃ וַיְהִ֥י יְהוָ֖ה אֶת־יְהוֹשֻׁ֑עַ וַיְהִ֥י שָׁמְע֖וֹ 27
בְּכָל־הָאָֽרֶץ׃

ז

וַיִּמְעֲל֧וּ בְנֵֽי־יִשְׂרָאֵ֛ל מַ֖עַל בַּחֵ֑רֶם וַיִּקַּ֡ח עָכָ֣ן בֶּן־כַּרְמִי֩ א
בֶן־זַבְדִּ֨י בֶן־זֶ֜רַח לְמַטֵּ֤ה יְהוּדָה֙ מִן־הַחֵ֔רֶם וַיִּֽחַר־אַ֥ף יְהוָ֖ה
בִּבְנֵ֥י יִשְׂרָאֵֽל׃ וַיִּשְׁלַח֩ יְהוֹשֻׁ֨עַ אֲנָשִׁ֜ים מִירִיח֗וֹ הָעַ֞י 2
אֲשֶׁ֨ר עִם־בֵּ֥ית אָ֙וֶן֙ מִקֶּ֣דֶם לְבֵֽית־אֵ֔ל וַיֹּ֣אמֶר אֲלֵיהֶ֗ם
לֵאמֹ֔ר עֲל֖וּ וְרַגְּל֣וּ אֶת־הָאָ֑רֶץ וַֽיַּעֲלוּ֙ הָֽאֲנָשִׁ֔ים וַֽיְרַגְּל֖וּ אֶת־

3 הָעָֽי׃ וַיָּשֻׁבוּ אֶל־יְהוֹשֻׁעַ וַיֹּאמְרוּ אֵלָיו אַל־יַעַל כָּל־הָעָם
כְּאַלְפַּיִם אִישׁ אוֹ כִּשְׁלֹשֶׁת אֲלָפִים אִישׁ יַעֲלוּ וְיַכּוּ אֶת־
4 הָעָי אַל־תְּיַגַּע שָׁמָּה אֶת־כָּל־הָעָם כִּי מְעַט הֵמָּה׃ וַיַּעֲלוּ
מִן־הָעָם שָׁמָּה כִּשְׁלֹשֶׁת אֲלָפִים אִישׁ וַיָּנֻסוּ לִפְנֵי אַנְשֵׁי
ה הָעָֽי׃ וַיַּכּוּ מֵהֶם אַנְשֵׁי הָעַי כִּשְׁלֹשִׁים וְשִׁשָּׁה אִישׁ וַיִּרְדְּפוּם
לִפְנֵי הַשַּׁעַר עַד־הַשְּׁבָרִים וַיַּכּוּם בַּמּוֹרָד וַיִּמַּס לְבַב־הָעָם
6 וַיְהִי לְמָֽיִם׃ וַיִּקְרַע יְהוֹשֻׁעַ שִׂמְלֹתָיו וַיִּפֹּל עַל־פָּנָיו אַרְצָה
לִפְנֵי אֲרוֹן יְהוָה עַד־הָעֶרֶב הוּא וְזִקְנֵי יִשְׂרָאֵל וַיַּעֲלוּ עָפָר
7 עַל־רֹאשָֽׁם׃ וַיֹּאמֶר יְהוֹשֻׁעַ אֲהָהּ ׀ אֲדֹנָי יְהוִה לָמָה הֵעֲבַרְתָּ
הַעֲבִיר אֶת־הָעָם הַזֶּה אֶת־הַיַּרְדֵּן לָתֵת אֹתָנוּ בְּיַד הָאֱמֹרִי
8 לְהַאֲבִידֵנוּ וְלוּ הוֹאַלְנוּ וַנֵּשֶׁב בְּעֵבֶר הַיַּרְדֵּֽן׃ בִּי אֲדֹנָי מָה
9 אֹמַר אַחֲרֵי אֲשֶׁר הָפַךְ יִשְׂרָאֵל עֹרֶף לִפְנֵי אֹיְבָֽיו׃ וְיִשְׁמְעוּ
הַכְּנַעֲנִי וְכֹל יֹשְׁבֵי הָאָרֶץ וְנָסַבּוּ עָלֵינוּ וְהִכְרִיתוּ אֶת־
י שְׁמֵנוּ מִן־הָאָרֶץ וּמַה־תַּעֲשֵׂה לְשִׁמְךָ הַגָּדֽוֹל׃ וַיֹּאמֶר
יְהוָה אֶל־יְהוֹשֻׁעַ קֻם לָךְ לָמָּה זֶּה אַתָּה נֹפֵל עַל־פָּנֶֽיךָ׃
11 חָטָא יִשְׂרָאֵל וְגַם עָבְרוּ אֶת־בְּרִיתִי אֲשֶׁר צִוִּיתִי אוֹתָם
וְגַם לָקְחוּ מִן־הַחֵרֶם וְגַם גָּנְבוּ וְגַם כִּחֲשׁוּ וְגַם שָׂמוּ
12 בִכְלֵיהֶֽם׃ וְלֹא יֻכְלוּ בְּנֵי יִשְׂרָאֵל לָקוּם לִפְנֵי אֹיְבֵיהֶם
עֹרֶף יִפְנוּ לִפְנֵי אֹיְבֵיהֶם כִּי הָיוּ לְחֵרֶם לֹא אוֹסִיף לִהְיוֹת
13 עִמָּכֶם אִם־לֹא תַשְׁמִידוּ הַחֵרֶם מִקִּרְבְּכֶֽם׃ קֻם קַדֵּשׁ אֶת־
הָעָם וְאָמַרְתָּ הִתְקַדְּשׁוּ לְמָחָר כִּי כֹה אָמַר יְהוָה אֱלֹהֵי
יִשְׂרָאֵל חֵרֶם בְּקִרְבְּךָ יִשְׂרָאֵל לֹא תוּכַל לָקוּם לִפְנֵי
14 אֹיְבֶיךָ עַד־הֲסִירְכֶם הַחֵרֶם מִקִּרְבְּכֶֽם׃ וְנִקְרַבְתֶּם בַּבֹּקֶר
לְשִׁבְטֵיכֶם וְהָיָה הַשֵּׁבֶט אֲשֶׁר־יִלְכְּדֶנּוּ יְהוָה יִקְרַב
לַמִּשְׁפָּחוֹת וְהַמִּשְׁפָּחָה אֲשֶׁר־יִלְכְּדֶנָּה יְהוָה תִּקְרַב לַבָּתִּים
טו וְהַבַּיִת אֲשֶׁר יִלְכְּדֶנּוּ יְהוָה יִקְרַב לַגְּבָרִֽים׃ וְהָיָה הַנִּלְכָּד
בַּחֵרֶם יִשָּׂרֵף בָּאֵשׁ אֹתוֹ וְאֶת־כָּל־אֲשֶׁר־לוֹ כִּי עָבַר אֶת־

עַי: 3 אוּנְד זֵייא זֶענֶען צוּרִיקְגֶעקוּמֶען צוּ יְהוֹשֻׁעַ, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, לָאז נִיט דָאס גַאנְצֶע פָאלְק אַרוֹיפְגֵיין, נֵייעֶרְט אַן עֶרֶךְ פוּן צְוֵוייא טוֹיזֶענד מַאן אָדֶער דְרֵייא טוֹיזֶענְד מַאן זָאלֶען אַרוֹיפְגֵיין אוּנְד שְׁלָאגֶען עַי, דוּא זָאלְסְט נִיט דָארְט אַהִין בֶּעמִיהֶען דָאס גַאנְצֶע פָאלְק, וָוארִין זֵייא זֶענֶען וֵוייניג: 4 אוּנְד עֶס אִיז דָארְטֶען אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען פוּן דֶעם פָאלְק אַן עֶרֶךְ פוּן דְרֵייא טוֹיזֶענְד מַאן, אָבֶּער זֵייא זֶענֶען אַנְטְלָאפֶען פָאר דִיא לֵייט פוּן עַי: 5 אוּנְד דִיא לֵייט פוּן עַי, הָאבֶּען פוּן זֵייא גֶעשְׁלָאגֶען זֶעקְס אוּנְד דְרֵייסִיג מַאן, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זֵייא נָאכְגֶעיָאגְט פָאר דֶעם טוֹיעֶר בִּיז קֵיין שְׁבָרִים, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זֵייא גֶעשְׁלָאגֶען בֵּיים אַרוּנְטֶערְגֵיין, אוּנְד דָאס הַארְץ פוּן דֶעם פָאלְק אִיז צוּגַאנְגֶען אוּנְד אִיז גֶעוָוארֶען וִויא וַואסֶער: 6 אוּנְד יְהוֹשֻׁעַ הָאט צוּרִיסֶען זֵיינֶע קְלֵיידֶער, אוּנְד עֶר אִיז גֶעפַאלֶען מִיט זֵיין פָּנִים אוֹיף דֶער עֶרְד פָאר דֶעם אָרוֹן פוּן גָאט, בִּיז אָבֶענְד, עֶר אוּנְד דִיא עֶלְצְטֶע פוּן יִשְׂרָאֵל, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אַרוֹיפְגֶעלֵייגְט שְׁטוֹיבּ אוֹיף זֵייעֶרֶע קֶעפּ: 7 אוּנְד יְהוֹשֻׁעַ הָאט גֶעזָאגְט, אַךְ מֵיין הַאר, גָאט! פַארְוָואס הָאסְט דוּא גֶעמַאכְט אִיבֶּערְפָארֶען דָאס דָאזִיגֶע פָאלְק אִיבֶּער דֶעם יַרְדֵּן, אוּנְס צוּ אִיבֶּערְגֶעבֶּען אִין דִיא הַאנְד פוּן דֶעם אֱמוֹרִי אוּנְס אוּמְצוּבְּרֶענְגֶען, הַלְוַאי הֶעטֶען מִיר דָאךְ גֶעוָואלְט בְּלֵייבֶּען אוֹיף דֶער אַנְדֶערֶע זֵייט פוּן דֶעם יַרְדֵּן! 8 אִיךְ בֶּעט, מֵיין הַאר, וָואס זָאל אִיךְ זָאגֶען, נָאכְדֶעם אַז יִשְׂרָאֵל הָאט דֶעם רִיקֶען אוּמְגֶעקֶעהְרְט פָאר זֵיינֶע פֵיינְד?! 9 אוּנְד וֶוען דִיא כְּנַעֲנִים, אוּנְד אַלֶע אֵיינְוְואוֹינֶער פוּן דֶעם לַאנְד וֶועלֶען עֶס הֶערֶען אַזוֹי וֶועלֶען זֵייא אוּנְס אַרוּמְרִינְגֶעלְן, אוּנְד וֶועלֶען פֶערְשְׁנֵיידֶען אוּנְזֶער נָאמֶען פוּן דֶער עֶרְד, אוּנְד וָואס וֶועסְט דוּא טְהוּן צוּ דֵיין גְרוֹיסֶען נָאמֶען? 10 אוּנְד גָאט הָאט גֶעזָאגְט צוּ יְהוֹשֻׁעַ, שְׁטֵייא דָאךְ אוֹיף! פַארְוָואס בִּיזְט דוּא גֶעפַאלֶען אוֹיף דֵיין פָּנִים? 11 יִשְׂרָאֵל הָאט גֶעזִינְדִיגְט, זֵייא הָאבֶּען אוֹיךְ עוֹבֵר גֶעוֶועזֶען מֵיין בּוּנְד וָואס אִיךְ הָאבּ זֵייא גֶעבָּאטֶען, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אוֹיךְ גֶענוּמֶען פוּן דֶעם חֵרֶם, זֵייא הָאבֶּען אוֹיךְ גֶעגַנְבֶת, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אוֹיךְ גֶעלֵייקֶענְט, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען עֶס אוֹיךְ אַרֵיינְגֶעלֵייגְט אִין זֵייעֶרֶע כֵּלִים: 12 דָארוּם הָאבֶּען דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל נִיט גֶעקֶענְט בֶּעשְׁטֵיין פָאר זֵייעֶרֶע פֵיינְד, דֶעם רִיקֶען וֶועלֶען זֵייא קֶערֶען פָאר זֵייעֶרֶע פֵיינְד, וָוארִין זֵייא זֶענֶען גֶעוָוארֶען צוּם חֵרֶם, אִיךְ וֶועל נִיט מֶעהְר מִיט אֵייךְ זֵיין, וֶוען אִיהְר וֶועט נִיט פֶערְטִילְגֶען דֶעם חֵרֶם פוּן צְוִוישֶׁען אֵייךְ! 13 שְׁטֵייא אוֹיף, הֵיילִיג דָאס פָאלְק, אוּנְד דוּא זָאלְסְט זָאגֶען, הֵיילִיגְט אֵייךְ אוֹיף מָארְגֶען; וָוארִין, אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר, דֶער גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל, אַ חֵרֶם אִיז צְוִוישֶׁען דִיר, יִשְׂרָאֵל! דוּא קֶענְסְט נִיט בֶּעשְׁטֵיין פָאר דֵיינֶע פֵיינְד בִּיז דֶער חֵרֶם אִיז אָפְּגֶעטְהוּן פוּן צְוִוישֶׁען אֵייךְ: 14 אוּנְד אִיהְר זָאלְט גֶענֶעהֶענְט מָארְגֶען אִין דֶער פְרִיה נָאךְ אֵיירֶע שְׁבָטִים, אוּנְד עֶס וֶועט זֵיין דֶער שֵׁבֶט וָואס גָאט וֶועט בֶּעצְוִוינְגֶען דֶער זָאל גֶענֶעהֶענְט נָאךְ זֵיינֶע מִשְׁפָּחוֹת, אוּנְד דִיא מִשְׁפָּחָה וָואס גָאט וֶועט בֶּעצְוִוינְגֶען זָאל גֶענֶעהֶענְט נָאךְ דֶעם הוֹיזְגֶעזִינְד, אוּנְד דָאס הוֹיזְגֶעזִינְד וָואס גָאט וֶועט בֶּעצְוִוינְגֶען זָאל גֶענֶעהֶענְט נָאךְ דִיא מֶענֶער: 15 אוּנְד עֶס וֶועט זֵיין אַז דֶער וָואס וֶועט וֶוערֶען בֶּעצְוִוינְגֶען אִין דֶעם חֵרֶם דֶער זָאל פֶערְבְּרֶענְט וֶוערֶען אִין דֶעם פֵייעֶר, עֶר, אוּנְד אַלֶעס וָואס גֶעהֶערְט צוּ אִיהְם, וֵוייל עֶר הָאט עוֹבֵר גֶעוֶועזֶען אוֹיף

דעם

דעם ברית פון גאט; אונד ווייל ער האט
געטהון א שלעכטע זאך אין ישראל:
16 אונד יהושע איז אויפגעשטאנען אם
פריה מארגען, אונד ער האט געמאכט
גענעהענן ישראל נאך זייערע שבטים,
אזוי איז בעצווינגען געווארען דער שבט
יהודה: 17 אונד ער האט געמאכט גע־
נעהענן דיא משפחה פון יהודה, אונד
ער האט בעצווינגען דיא משפחה פון
זרח, אונד ער האט געמאכט גענעהענן
דיא משפחה פון זרח נאך דיא מענער,
אונד ער האט בעצווינגען זבדי: 18 אונד
ער האט געמאכט גענעהענן זיין הויז־
געזינד נאך דיא מענער, אונד ער האט
בעצווינגען עכן זוהן פון כרמי, זוהן פון
זבדי, זוהן פון זרח פון דעם שבט יהודה:
19 אונד יהושע האט געזאגט צו עכן,
מיין זוהן! איך בעט דיך, גיב נון כבוד
צו דעם האר, דעם גאט פון ישראל,
אונד זייא מתודה, אונד זאג נון צו מיר
וואס דוא האסט געטהון, בעהאלט עס
ניט פון מיר: 20 אונד עכן האט גע־
ענטפערט צו יהושע אונד האט געזאגט,
פארוואהר, איך האב געזינדיגט, קעגען
דעם האר, דעם גאט פון ישראל, וואריִן
אזוי אונד אזוי האב איך געטהון:

16 בְּרִית יְהוָה וְכִי־עָשָׂה נְבָלָה בְּיִשְׂרָאֵל: וַיַּשְׁכֵּם יְהוֹשֻׁעַ
בַּבֹּקֶר וַיַּקְרֵב אֶת־יִשְׂרָאֵל לִשְׁבָטָיו וַיִּלָּכֵד שֵׁבֶט יְהוּדָה:
17 וַיַּקְרֵב אֶת־מִשְׁפַּחַת יְהוּדָה וַיִּלְכֹּד אֵת מִשְׁפַּחַת הַזַּרְחִי
18 וַיַּקְרֵב אֶת־מִשְׁפַּחַת הַזַּרְחִי לַגְּבָרִים וַיִּלָּכֵד זַבְדִּי: וַיַּקְרֵב
אֶת־בֵּיתוֹ לַגְּבָרִים וַיִּלָּכֵד עָכָן בֶּן־כַּרְמִי בֶן־זַבְדִּי בֶּן־זֶרַח
19 לְמַטֵּה יְהוּדָה: וַיֹּאמֶר יְהוֹשֻׁעַ אֶל־עָכָן בְּנִי שִׂים־נָא כָבוֹד
לַיהוָה אֱלֹהֵי יִשְׂרָאֵל וְתֶן־לוֹ תוֹדָה וְהַגֶּד־נָא לִי מֶה עָשִׂיתָ
כ אַל־תְּכַחֵד מִמֶּנִּי: וַיַּעַן עָכָן אֶת־יְהוֹשֻׁעַ וַיֹּאמַר אָמְנָה
אָנֹכִי חָטָאתִי לַיהוָה אֱלֹהֵי יִשְׂרָאֵל וְכָזֹאת וְכָזֹאת עָשִׂיתִי:
21 וָאֵרֶא בַשָּׁלָל אַדֶּרֶת שִׁנְעָר אַחַת טוֹבָה וּמָאתַיִם שְׁקָלִים
כֶּסֶף וּלְשׁוֹן זָהָב אֶחָד חֲמִשִּׁים שְׁקָלִים מִשְׁקָלוֹ וָאֶחְמְדֵם
וָאֶקָּחֵם וְהִנָּם טְמוּנִים בָּאָרֶץ בְּתוֹךְ הָאָהֳלִי וְהַכֶּסֶף תַּחְתֶּיהָ:
22 וַיִּשְׁלַח יְהוֹשֻׁעַ מַלְאָכִים וַיָּרֻצוּ הָאֹהֱלָה וְהִנֵּה טְמוּנָה
23 בְּאָהֳלוֹ וְהַכֶּסֶף תַּחְתֶּיהָ: וַיִּקָּחוּם מִתּוֹךְ הָאֹהֶל וַיְבִאוּם
אֶל־יְהוֹשֻׁעַ וְאֶל כָּל־בְּנֵי יִשְׂרָאֵל וַיַּצִּקֻם לִפְנֵי יְהוָה:
24 וַיִּקַּח יְהוֹשֻׁעַ אֶת־עָכָן בֶּן־זֶרַח וְאֶת־הַכֶּסֶף וְאֶת־הָאַדֶּרֶת
וְאֶת־לְשׁוֹן הַזָּהָב וְאֶת־בָּנָיו וְאֶת־בְּנֹתָיו וְאֶת־שׁוֹרוֹ וְאֶת־
חֲמֹרוֹ וְאֶת־צֹאנוֹ וְאֶת־אָהֳלוֹ וְאֶת־כָּל־אֲשֶׁר־לוֹ וְכָל־
כה יִשְׂרָאֵל עִמּוֹ וַיַּעֲלוּ אֹתָם עֵמֶק עָכוֹר: וַיֹּאמֶר יְהוֹשֻׁעַ מֶה
עֲכַרְתָּנוּ יַעְכָּרְךָ יְהוָה בַּיּוֹם הַזֶּה וַיִּרְגְּמוּ אֹתוֹ כָל־יִשְׂרָאֵל
26 אֶבֶן וַיִּשְׂרְפוּ אֹתָם בָּאֵשׁ וַיִּסְקְלוּ אֹתָם בָּאֲבָנִים: וַיָּקִימוּ
עָלָיו גַּל־אֲבָנִים גָּדוֹל עַד הַיּוֹם הַזֶּה וַיָּשָׁב יְהוָה מֵחֲרוֹן
אַפּוֹ עַל־כֵּן קָרָא שֵׁם הַמָּקוֹם הַהוּא עֵמֶק עָכוֹר עַד
הַיּוֹם הַזֶּה:

ח

א וַיֹּאמֶר יְהוָה אֶל־יְהוֹשֻׁעַ אַל־תִּירָא וְאַל־תֵּחָת קַח עִמְּךָ
אֵת כָּל־עַם הַמִּלְחָמָה וְקוּם עֲלֵה הָעָי רְאֵה ׀ נָתַתִּי בְיָדְךָ

21 ווען איך האב געזעהען אונטער דעם רויב א שיינעם מאנטעל פון שנער, אונד
צוויא הונדערט שקלים זילבער, אונד א צונג (שטאנג) גאלד, זיין געוויכט איז גע־
וועזען פופציג שקלים, אזוי האב איך זייא געגליסט, אונד איך האב זייא צוגענומען,
אונד זעה, זייא זענען בעהאלטען אונטער דער ערד אין דער מיטען פון דעם געצעלט,
אונד דאס זילבער איז דארונטער: 22 אונד יהושע האט געשיקט שלוחים, אונד זייא
זענען געלאפען צו דעם געצעלט, אונד נון עס איז געוועזען בעהאלטען אין זיין
געצעלט, אונד דאס זילבער איז געוועזען דארונטער: 23 אונד זייא האבען זייא
גענומען פון דער מיטען פון דעם געצעלט, אונד זייא האבען זייא געבראכט צו
יהושע, אונד צו אלע קינדער ישראל, אונד זייא האבען זייא אנידערגעלייגט פאר
גאט: 24 אונד יהושע האט גענומען עכן, זוהן פון זרח, אונד דאס זילבער, אונד
דעם מאנטעל, אונד דיא צונג גאלד, אונד זיינע זיהן, אונד זיינע טעכטער, אונד זיינע
אקסען אונד זיינע איזעל, אונד זיינע שאף, אונד זיין געצעלט אונד אלעס וואס האט
צו איהם געהערט, אונד גאנץ ישראל מיט איהם, אונד זייא האבען זייא ארויפ־
געבראכט אין דעם טהאל עכור: 25 אונד יהושע האט געזאגט, וואס האסט
דוא אונס בעטריבט? גאט זאל דיך בעטריבען דעם היינטיגען טאג; אונד גאנץ
ישראל האט איהם געשטייניגט מיט שטיינער, אונד זייא האבען זייא פערברענט
מיט פייער, אונד זייא האבען זייא געשטייניגט מיט שטיינער: 26 אונד זייא
האבען איבער איהם אויפגעשטעלט א גרויסען הויפען שטיינער, ביז צום
היינטיגען טאג; אזוי האט זיך דער האר אפגעקעהרט פון זיין גרימצארן;
דארום האט מען גערופען דעמזעלביגען ארט עמק עכור ביז אויף דעם
היינטיגען טאג:

קאפיטעל ח

1 אונד גאט האט געזאגט צו יהושע, דוא זאלסט ניט קיין מורא האבען, אונד
דוא זאלסט ניט שרעקען, נעם מיט דיר דאס גאנצע פאלק פון דער מלחמה,
אונד שטייא אויף, אונד גייא ארויף קיין עי, זעה, איך האב געגעבען אין דיינע האנד

דעם

7 סוּסֵיהֶם תְּעַקֵּר וְאֶת־מַרְכְּבֹתֵיהֶם תִּשְׂרֹף בָּאֵשׁ: וַיָּבֹא
יְהוֹשֻׁעַ וְכָל־עַם הַמִּלְחָמָה עִמּוֹ עֲלֵיהֶם עַל־מֵי מֵרוֹם
8 פִּתְאֹם וַיִּפְּלוּ בָּהֶם: וַיִּתְּנֵם יְהוָה בְּיַד־יִשְׂרָאֵל וַיַּכּוּם
וַיִּרְדְּפוּם עַד־צִידוֹן רַבָּה וְעַד מִשְׂרְפוֹת מַיִם וְעַד־בִּקְעַת
מִצְפֶּה מִזְרָחָה וַיַּכֻּם עַד־בִּלְתִּי הִשְׁאִיר־לָהֶם שָׂרִיד:
9 וַיַּעַשׂ לָהֶם יְהוֹשֻׁעַ כַּאֲשֶׁר אָמַר־לוֹ יְהוָה אֶת־סוּסֵיהֶם עִקֵּר
י וְאֶת־מַרְכְּבֹתֵיהֶם שָׂרַף בָּאֵשׁ: וַיָּשָׁב יְהוֹשֻׁעַ בָּעֵת
הַהִיא וַיִּלְכֹּד אֶת־חָצוֹר וְאֶת־מַלְכָּהּ הִכָּה בֶחָרֶב כִּי־חָצוֹר
11 לְפָנִים הִיא רֹאשׁ כָּל־הַמַּמְלָכוֹת הָאֵלֶּה: וַיַּכּוּ אֶת־כָּל־
הַנֶּפֶשׁ אֲשֶׁר־בָּהּ לְפִי־חֶרֶב הַחֲרֵם לֹא נוֹתַר כָּל־נְשָׁמָה
12 וְאֶת־חָצוֹר שָׂרַף בָּאֵשׁ: וְאֶת־כָּל־עָרֵי הַמְּלָכִים־הָאֵלֶּה
וְאֶת־כָּל־מַלְכֵיהֶם לָכַד יְהוֹשֻׁעַ וַיַּכֵּם לְפִי־חֶרֶב הֶחֱרִים
13 אוֹתָם כַּאֲשֶׁר צִוָּה מֹשֶׁה עֶבֶד יְהוָה: רַק כָּל־הֶעָרִים
הָעֹמְדוֹת עַל־תִּלָּם לֹא שְׂרָפָם יִשְׂרָאֵל זוּלָתִי אֶת־חָצוֹר
14 לְבַדָּהּ שָׂרַף יְהוֹשֻׁעַ: וְכֹל שְׁלַל הֶעָרִים הָאֵלֶּה וְהַבְּהֵמָה
בָּזְזוּ לָהֶם בְּנֵי יִשְׂרָאֵל רַק אֶת־כָּל־הָאָדָם הִכּוּ לְפִי־חֶרֶב
טו עַד־הִשְׁמִדָם אוֹתָם לֹא הִשְׁאִירוּ כָּל־נְשָׁמָה: כַּאֲשֶׁר צִוָּה
יְהוָה אֶת־מֹשֶׁה עַבְדּוֹ כֵּן־צִוָּה מֹשֶׁה אֶת־יְהוֹשֻׁעַ וְכֵן עָשָׂה
יְהוֹשֻׁעַ לֹא־הֵסִיר דָּבָר מִכֹּל אֲשֶׁר־צִוָּה יְהוָה אֶת־מֹשֶׁה:
16 וַיִּקַּח יְהוֹשֻׁעַ אֶת־כָּל־הָאָרֶץ הַזֹּאת הָהָר וְאֶת־כָּל־הַנֶּגֶב
וְאֵת כָּל־אֶרֶץ הַגֹּשֶׁן וְאֶת־הַשְּׁפֵלָה וְאֶת־הָעֲרָבָה וְאֶת־הַר
17 יִשְׂרָאֵל וּשְׁפֵלָתֹה: מִן־הָהָר הֶחָלָק הָעוֹלֶה שֵׂעִיר וְעַד־
בַּעַל גָּד בְּבִקְעַת הַלְּבָנוֹן תַּחַת הַר־חֶרְמוֹן וְאֵת כָּל־
18 מַלְכֵיהֶם לָכַד וַיַּכֵּם וַיְמִיתֵם: יָמִים רַבִּים עָשָׂה יְהוֹשֻׁעַ
19 אֶת־כָּל־הַמְּלָכִים הָאֵלֶּה מִלְחָמָה: לֹא־הָיְתָה עִיר אֲשֶׁר
הִשְׁלִימָה אֶל־בְּנֵי יִשְׂרָאֵל בִּלְתִּי הַחִוִּי יֹשְׁבֵי גִבְעוֹן אֶת־
כ הַכֹּל לָקְחוּ בַמִּלְחָמָה: כִּי־מֵאֵת יְהוָה הָיְתָה לְחַזֵּק אֶת־

זייערע פערד זאָלסט דו פערטילגען, אונד זייערע רייטוועגען זאָלסט דו פערברענען מיט פייער: 7 אונד יהושע אונד דאָס גאַנצע מלחמה פאָלק זענען מיט איהם געקומען איבער זייא, ביי דעם וואַסער מרום, פּלוצלינג, אונד זייא האָבען זייא איבערפאַלען: 8 אונד גאָט האָט זייא געגעבען אין דער האַנד פון ישׂראל, אונד זייא האָבען זייא געשלאָגען, אונד זייא האָבען זייא נאָכגעיאָגט ביז קיין צידון דיא גרויסע שטאָט, אונד ביז קיין משׂרפות מים, אונד ביז צו דעם טהאָל מצפה אָן דער מזרח־זייט, אונד זייא האָבען זייא געשלאָגען, ביז עס איז צו זייא ניט געבליבען קיין איבערבלייבונג: 9 אונד יהושע האָט צו זייא געטהון אַזוי וויא גאָט האָט צו איהם געזאָגט, זייערע פערד האָט ער פערטילגט, אונד זייערע רייטוועגען האָט ער מיט פייער פערברענט: 10 אונד יהושע האָט זיך אין דער דאָזיגער צייט אומגעקעהרט אונד האָט איינגענומען חצור, אונד איהר מלך האָט ער דערשלאָגען מיט דעם שווערד, וואָרין חצור איז פריער געוועזען דיא הויפּטשטאָט פון אַלע דיא דאָזיגע קעניגרייכען: 11 אונד זייא האָבען געשלאָגען איטליכעם נפש וואָס איז דרינען געוועזען, דורך דיא שאַרף פון דעם שווערד האָט ער זייא פערוויסט, עס איז קיינע נשמה איבערגעבליבען, אונד חצור האָט ער פערברענט מיט פייער:
12 אונד אַלע שטעט פון דיזע מלכים, אונד אַלע זייערע מלכים האָט יהושע איינגענומען אונד האָט זייא דערשלאָגען, דורך דעם שווערד האָט ער זייא פערוויסט, אַזוי וויא משה דער קנעכט פון גאָט האָט געבאָטען: 13 נייערט אַלע שטעט וואָס זענען שטיין געבליבען מיט איהרע מויערן, זייא האָבען ישׂראל ניט פערברענט, נייערט חצור אַליין האָט יהושע פערברענט: 14 אָבער דעם גאַנצען רויב פון דיא דאָזיגע שטעט אונד דיא בהמות האָבען דיא קינדער ישׂראל פאַר זיך גערויבט. נייערט אַלע מענשען האָבען זייא דערשלאָגען דורך דיא שאַרף פון דעם שווערד ביז זייא האָבען זייא פערטילגט, זייא האָבען קיינע נשמה ניט איבערגעלאָזט: 15 אַזוי וויא גאָט האָט געבאָטען צו זיין קנעכט משה, אַזוי האָט משה געבאָטען צו יהושע, אונד אַזוי האָט יהושע געטהון, ער האָט ניט אָפּגעטהון קיין זאַך פון אַלעם וואָס דער האַר האָט געבאָטען צו משה: 16 אונד יהושע האָט איינגענומען דאָס דאָזיגע גאַנצע לאַנד, דעם בארג אונד דיא גאַנצע דרום־זייט, אונד דאָס גאַנצע לאַנד גושן, אונד דאָס טהאָל, אונד דעם פּלוין, אונד דעם בארג פון ישׂראל אונד זיין טהאָל: 17 פון דעם גלאַטען געבערג וואָס גייט אַרויף קיין שעיר ביז קיין בעל גד וואָס איז אין דעם טהאָל פון לבנון הינטער דעם בארג חרמון, אונד אַלע זייערע מלכים האָט ער איינגענומען, אונד ער האָט זייא געשלאָגען אונד געטייטעט: 18 פילע טעג האָט יהושע מלחמה געהאַלטען מיט אַלע דיא דאָזיגע מלכים: 19 עס איז ניט געוועזען אַ שטאָט וואָס האָט שלום געמאַכט מיט דיא קינדער ישׂראל, נייערט דער חוי, דיא איינוואוינער פון גבעון, אָבער אַלע (אַנדערע) האָט ער איינגענומען אין דער מלחמה: 20 וואָרין דאָס איז געוועזען פון גאָט, כדי צו שטאַרקען זייערע

הערצער ענטקעגען צו גיין צו דער
מלחמה מיט ישׂראל, כּדי ער זאל זייא
פערוויסטען, אז זייא זאלען זיך ניט
איבער זייא דערבארמען, נייערט זייא
זאלען זייא פערטיליגען, אזוי וויא גאט האט
געבאטען צו משה: 21 אונד צו דער־
זעלביגער צייט איז יהושע געקומען
אונד האט פערשניטען דיא ריזען (ענקים)
פון דעם געבערג, פון חברון, פון דביר,
פון ענב, אונד פון דעם גאנצען בארג
יהודה, אונד פון דעם גאנצען בארג
ישׂראל, מיט זייערע שטעט האט זייא
יהושע פערוויסט: 22 עס זענען קיינע
ענקים איבערגעבליבען אין דעם לאנד
פון דיא קינדער ישׂראל, נייערט אין
עזה, אין גת, אונד אין אשדוד זענען
זייא איבערגעבליבען: 23 אונד יהושע
האט איינגענומען דאס גאנצע לאנד,
אלעס אזוי וויא גאט האט גערעדט צו
משה, אונד יהושע האט זייא געגעבען
אלס ירושה צו ישׂראל נאך זייערע אפּ־
טיילונג, נאך זייערע שבטים, אונד דאס
לאנד האט געהאט רוה פון מלחמה:

לִבָּם לִקְרַאת הַמִּלְחָמָה אֶת־יִשְׂרָאֵל לְמַעַן הַחֲרִימָם
לְבִלְתִּי הֱיוֹת־לָהֶם תְּחִנָּה כִּי לְמַעַן הַשְׁמִידָם כַּאֲשֶׁר צִוָּה
21 יְהֹוָה אֶת־מֹשֶׁה׃ וַיָּבֹא יְהוֹשֻׁעַ בָּעֵת הַהִיא וַיַּכְרֵת
אֶת־הָעֲנָקִים מִן־הָהָר מִן־חֶבְרוֹן מִן־דְּבִר מִן־עֲנָב וּמִכֹּל
הַר יְהוּדָה וּמִכֹּל הַר יִשְׂרָאֵל עִם־עָרֵיהֶם הֶחֱרִימָם יְהוֹשֻׁעַ׃
22 לֹא־נוֹתַר עֲנָקִים בְּאֶרֶץ בְּנֵי יִשְׂרָאֵל רַק בְּעַזָּה בְּגַת
23 וּבְאַשְׁדּוֹד נִשְׁאָרוּ׃ וַיִּקַּח יְהוֹשֻׁעַ אֶת־כָּל־הָאָרֶץ כְּכֹל אֲשֶׁר
דִּבֶּר יְהֹוָה אֶל־מֹשֶׁה וַיִּתְּנָהּ יְהוֹשֻׁעַ לְנַחֲלָה לְיִשְׂרָאֵל
כְּמַחְלְקֹתָם לְשִׁבְטֵיהֶם וְהָאָרֶץ שָׁקְטָה מִמִּלְחָמָה׃

יב

א וְאֵלֶּה ׀ מַלְכֵי הָאָרֶץ אֲשֶׁר הִכּוּ בְנֵי־יִשְׂרָאֵל וַיִּרְשׁוּ אֶת־
אַרְצָם בְּעֵבֶר הַיַּרְדֵּן מִזְרְחָה הַשָּׁמֶשׁ מִנַּחַל אַרְנוֹן עַד־
2 הַר חֶרְמוֹן וְכָל־הָעֲרָבָה מִזְרָחָה׃ סִיחוֹן מֶלֶךְ הָאֱמֹרִי
הַיּוֹשֵׁב בְּחֶשְׁבּוֹן מֹשֵׁל מֵעֲרוֹעֵר אֲשֶׁר עַל־שְׂפַת־נַחַל אַרְנוֹן
וְתוֹךְ הַנַּחַל וַחֲצִי הַגִּלְעָד וְעַד יַבֹּק הַנַּחַל גְּבוּל בְּנֵי עַמּוֹן׃
3 וְהָעֲרָבָה עַד־יָם כִּנְרוֹת מִזְרָחָה וְעַד יָם הָעֲרָבָה יָם־
הַמֶּלַח מִזְרָחָה דֶּרֶךְ בֵּית הַיְשִׁמוֹת וּמִתֵּימָן תַּחַת אַשְׁדּוֹת
4 הַפִּסְגָּה׃ וּגְבוּל עוֹג מֶלֶךְ הַבָּשָׁן מִיֶּתֶר הָרְפָאִים הַיּוֹשֵׁב
ה בְּעַשְׁתָּרוֹת וּבְאֶדְרֶעִי׃ וּמֹשֵׁל בְּהַר חֶרְמוֹן וּבְסַלְכָה וּבְכָל־
הַבָּשָׁן עַד־גְּבוּל הַגְּשׁוּרִי וְהַמַּעֲכָתִי וַחֲצִי הַגִּלְעָד גְּבוּל
6 סִיחוֹן מֶלֶךְ־חֶשְׁבּוֹן׃ מֹשֶׁה עֶבֶד־יְהֹוָה וּבְנֵי יִשְׂרָאֵל הִכּוּם
וַיִּתְּנָהּ מֹשֶׁה עֶבֶד־יְהֹוָה יְרֻשָּׁה לָרֻאוּבֵנִי וְלַגָּדִי וְלַחֲצִי שֵׁבֶט
7 הַמְנַשֶּׁה׃ וְאֵלֶּה מַלְכֵי הָאָרֶץ אֲשֶׁר הִכָּה יְהוֹשֻׁעַ וּבְנֵי
יִשְׂרָאֵל בְּעֵבֶר הַיַּרְדֵּן יָמָּה מִבַּעַל גָּד בְּבִקְעַת הַלְּבָנוֹן
וְעַד־הָהָר הֶחָלָק הָעֹלֶה שֵׂעִירָה וַיִּתְּנָהּ יְהוֹשֻׁעַ לְשִׁבְטֵי
8 יִשְׂרָאֵל יְרֻשָּׁה כְּמַחְלְקֹתָם׃ בָּהָר וּבַשְּׁפֵלָה וּבָעֲרָבָה
וּבָאֲשֵׁדוֹת וּבַמִּדְבָּר וּבַנֶּגֶב הַחִתִּי הָאֱמֹרִי וְהַכְּנַעֲנִי הַפְּרִזִּי
הַחִוִּי וְהַיְבוּסִי׃

## קאפיטעל יב

1 אונד דאס זענען דיא מלכים פון דעם לאנד וועלכע דיא קינדער ישׂראל
האבען געשלאגען, אונד האבען גע׳ירש׳ת זייער לאנד אויף יענער זייט ירדן,
וואו דיא זון גייט אויף, פון דעם טייך ארנון ביז צו דעם בארג חרמון, אונד
דעם גאנצען פלוין אויף דער מזרח־זייט: 2 סיחון מלך פון אמרי, וואס האט
געוואוינט אין חשבון, אונד האט געוועלטיגט פון ערער, וואס איז בייא דעם
בארטען פון דעם טייך ארנון, אונד איז צווישען דעם טייך אונד דיא העלפט פון
גלעד, אונד ביז צום טייך יבוק, (דאס איז) דיא גרענעץ פון דיא קינדער עמון:
3 אונד פון דעם פלוין ביז צום ים כּנרות אן דער מזרח־זייט, אונד ביז צום ים פון
דעם פלוין, דאס ים המלח אן דער מזרח־זייט, דער וועג קיין בית ישמות; אונד פון
דרום־זייט הינטער אשדות פסגה: 4 אונד דיא גרענעץ פון עוג מלך פון בשן, וואס
איז געוועזען פון דיא איבריגע רפאים, וואס האבען געוואוינט אין עשתרות אונד אין
אדרעי: 5 אונד ער האט געוועלטיגט איבער דעם געבערג חרמון, אונד איבער סלכה
אונד איבער גאנץ בשן, ביז צו דיא גרענעץ פון גשורי אונד מעכתי, אונד איבער
האלב גלעד, דיא גרענעץ פון סיחון מלך פון חשבון: 6 משה דער קנעכט פון גאט,
אונד דיא קינדער ישׂראל האבען זייא געשלאגען, אונד משה דער קנעכט פון
גאט האט זייא געגעבען אלס ירושה צו ראובן אונד צו גד, אונד צו דעם
האלבען שבט פון מנשה: 7 אונד דיא דאזיגע זענען דיא מלכים וועלכע יהושע
אונד דיא קינדער ישׂראל האבען געשלאגען אויף דער זייט ירדן, אין מערב־
זייט, פון בעל־גד אין דעם טהאל לבנון, ביז צו דעם גלאטען בארג וואס גייט
ארויף קיין שעיר, אונד יהושע האט זייא געגעבען צו דיא שבטים פון ישׂראל
אלס ירושה נאך זייערע אפּטיילונגען: 8 אויף דעם געבערג אונד אין דעם טהאל,
אונד אין דעם פלוין אונד אין דער אפּנעהמונג, אין דער מדבר אונד אין דרום־
זייט, דעם חתי, דעם אמרי, דעם כּנעני, דעם פרזי, דעם חוי אונד דעם יבוסי:

9 מֶלֶךְ יְרִיחוֹ אֶחָד
מֶלֶךְ הָעַי אֲשֶׁר־מִצַּד בֵּית־אֵל אֶחָד׃
י מֶלֶךְ יְרוּשָׁלַ͏ִם אֶחָד
מֶלֶךְ חֶבְרוֹן אֶחָד׃
11 מֶלֶךְ יַרְמוּת אֶחָד
מֶלֶךְ לָכִישׁ אֶחָד׃
12 מֶלֶךְ עֶגְלוֹן אֶחָד
מֶלֶךְ גֶּזֶר אֶחָד׃
13 מֶלֶךְ דְּבִר אֶחָד
מֶלֶךְ גֶּדֶר אֶחָד׃
14 מֶלֶךְ חָרְמָה אֶחָד
מֶלֶךְ עֲרָד אֶחָד׃
טו מֶלֶךְ לִבְנָה אֶחָד
מֶלֶךְ עֲדֻלָּם אֶחָד׃
16 מֶלֶךְ מַקֵּדָה אֶחָד
מֶלֶךְ בֵּית־אֵל אֶחָד׃
17 מֶלֶךְ תַּפּוּחַ אֶחָד
מֶלֶךְ חֵפֶר אֶחָד׃
18 מֶלֶךְ אֲפֵק אֶחָד
מֶלֶךְ לַשָּׁרוֹן אֶחָד׃
19 מֶלֶךְ מָדוֹן אֶחָד
מֶלֶךְ חָצוֹר אֶחָד׃
כ מֶלֶךְ שִׁמְרוֹן מְראוֹן אֶחָד
מֶלֶךְ אַכְשָׁף אֶחָד׃
21 מֶלֶךְ תַּעְנַךְ אֶחָד
מֶלֶךְ מְגִדּוֹ אֶחָד׃
22 מֶלֶךְ קֶדֶשׁ אֶחָד
מֶלֶךְ־יָקְנְעָם לַכַּרְמֶל אֶחָד׃
23 מֶלֶךְ דּוֹר לְנָפַת דּוֹר אֶחָד
מֶלֶךְ־גּוֹיִם לְגִלְגָּל אֶחָד׃
24 מֶלֶךְ תִּרְצָה אֶחָד
כָּל־מְלָכִים שְׁלֹשִׁים וְאֶחָד׃

9 דֶער מֶלֶךְ פוּן יְרִיחוֹ אֵיינֶער;
דֶער מֶלֶךְ פוּן עַי וָואס אִיז אָן דֶער זַייט
פוּן בֵּית־אֵל אֵיינֶער:
10 דֶער מֶלֶךְ פוּן יְרוּשָׁלַםִ אֵיינֶער;
דֶער מֶלֶךְ פוּן חֶבְרוֹן אֵיינֶער:
11 דֶער מֶלֶךְ פוּן יַרְמוּת אֵיינֶער;
דֶער מֶלֶךְ פוּן לָכִישׁ אֵיינֶער:
12 דֶער מֶלֶךְ פוּן עֶגְלוֹן אֵיינֶער;
דֶער מֶלֶךְ פוּן גֶזֶר אֵיינֶער:
13 דֶער מֶלֶךְ פוּן דְבִיר אֵיינֶער;
דֶער מֶלֶךְ פוּן גֶדֶר אֵיינֶער:
14 דֶער מֶלֶךְ פוּן חָרְמָה אֵיינֶער;
דֶער מֶלֶךְ פוּן עֲרָד אֵיינֶער:
15 דֶער מֶלֶךְ פוּן לִבְנָה אֵיינֶער;
דֶער מֶלֶךְ פוּן עֲדֻלָּם אֵיינֶער:
16 דֶער מֶלֶךְ פוּן מַקֵדָה אֵיינֶער;
דֶער מֶלֶךְ פוּן בֵּית־אֵל אֵיינֶער:
17 דֶער מֶלֶךְ פוּן תַּפּוּחַ אֵיינֶער;
דֶער מֶלֶךְ פוּן חֵפֶר אֵיינֶער:
18 דֶער מֶלֶךְ פוּן אֲפֵק אֵיינֶער;
דֶער מֶלֶךְ פוּן לַשָּׁרוֹן אֵיינֶער:
19 דֶער מֶלֶךְ פוּן מָדוֹן אֵיינֶער;
דֶער מֶלֶךְ פוּן חָצוֹר אֵיינֶער:
20 דֶער מֶלֶךְ פוּן שִׁמְרוֹן־מְרְאוֹן אֵיינֶער;
דֶער מֶלֶךְ פוּן אַכְשָׁף אֵיינֶער:
21 דֶער מֶלֶךְ פוּן תַּעֲנָךְ אֵיינֶער;
דֶער מֶלֶךְ פוּן מְגִדוֹ אֵיינֶער:
22 דֶער מֶלֶךְ פוּן קֶדֶשׁ אֵיינֶער;
דֶער מֶלֶךְ פוּן יָקְנְעָם אוֹים כַּרְמֶל אֵיינֶער:
23 דֶער מֶלֶךְ פוּן דוֹר בַּייא נָפַת
דוֹר אֵיינֶער;
דֶער מֶלֶךְ פוּן דִיא גוֹיִם אִין גִלְגָל אֵיינֶער:
24 דֶער מֶלֶךְ פוּן תִּרְצָה אֵיינֶער;
אַלֶע מְלָכִים זֶענֶען גֶעוֶועזֶען אַיין אוּנְד
דְרַייסִיג:

יג

וִיהוֹשֻׁעַ זָקֵן בָּא בַּיָּמִים וַיֹּאמֶר יְהוָֹה אֵלָיו אַתָּה זָקַנְתָּה א
בָּאתָ בַיָּמִים וְהָאָרֶץ נִשְׁאֲרָה הַרְבֵּה־מְאֹד לְרִשְׁתָּהּ׃ זֹאת 2
הָאָרֶץ הַנִּשְׁאָרֶת כָּל־גְּלִילוֹת הַפְּלִשְׁתִּים וְכָל־הַגְּשׁוּרִי׃ מִן 3
הַשִּׁיחוֹר אֲשֶׁר ׀ עַל־פְּנֵי מִצְרַיִם וְעַד גְּבוּל עֶקְרוֹן צָפוֹנָה
לַכְּנַעֲנִי תֵּחָשֵׁב חֲמֵשֶׁת ׀ סַרְנֵי פְלִשְׁתִּים הָעַזָּתִי וְהָאַשְׁדּוֹדִי
הָאֶשְׁקְלוֹנִי הַגִּתִּי וְהָעֶקְרוֹנִי וְהָעַוִּים׃ מִתֵּימָן כָּל־אֶרֶץ 4
הַכְּנַעֲנִי וּמְעָרָה אֲשֶׁר לַצִּידֹנִים עַד־אֲפֵקָה עַד גְּבוּל הָאֱמֹרִי׃
וְהָאָרֶץ הַגִּבְלִי וְכָל־הַלְּבָנוֹן מִזְרַח הַשֶּׁמֶשׁ מִבַּעַל גָּד תַּחַת ה
הַר־חֶרְמוֹן עַד לְבוֹא חֲמָת׃ כָּל־יֹשְׁבֵי הָהָר מִן־הַלְּבָנוֹן 6
עַד־מִשְׂרְפֹת מַיִם כָּל־צִידֹנִים אָנֹכִי אוֹרִישֵׁם מִפְּנֵי בְּנֵי
יִשְׂרָאֵל רַק הַפִּלֶהָ לְיִשְׂרָאֵל בְּנַחֲלָה כַּאֲשֶׁר צִוִּיתִיךָ׃ וְעַתָּה 7
חַלֵּק אֶת־הָאָרֶץ הַזֹּאת בְּנַחֲלָה לְתִשְׁעַת הַשְּׁבָטִים וַחֲצִי
הַשֵּׁבֶט הַמְנַשֶּׁה׃ עִמּוֹ הָרְאוּבֵנִי וְהַגָּדִי לָקְחוּ נַחֲלָתָם אֲשֶׁר 8
נָתַן לָהֶם מֹשֶׁה בְּעֵבֶר הַיַּרְדֵּן מִזְרָחָה כַּאֲשֶׁר נָתַן לָהֶם
מֹשֶׁה עֶבֶד יְהוָֹה׃ מֵעֲרוֹעֵר אֲשֶׁר עַל־שְׂפַת־נַחַל אַרְנוֹן 9
וְהָעִיר אֲשֶׁר בְּתוֹךְ־הַנַּחַל וְכָל־הַמִּישֹׁר מֵידְבָא עַד־דִּיבוֹן׃
וְכֹל עָרֵי סִיחוֹן מֶלֶךְ הָאֱמֹרִי אֲשֶׁר מָלַךְ בְּחֶשְׁבּוֹן עַד־ י
גְּבוּל בְּנֵי־עַמּוֹן׃ וְהַגִּלְעָד וּגְבוּל הַגְּשׁוּרִי וְהַמַּעֲכָתִי וְכֹל 11
הַר חֶרְמוֹן וְכָל־הַבָּשָׁן עַד־סַלְכָה׃ כָּל־מַמְלְכוּת עוֹג בַּבָּשָׁן 12
אֲשֶׁר־מָלַךְ בְּעַשְׁתָּרוֹת וּבְאֶדְרֶעִי הוּא נִשְׁאַר מִיֶּתֶר הָרְפָאִים
וַיַּכֵּם מֹשֶׁה וַיֹּרִשֵׁם׃ וְלֹא הוֹרִישׁוּ בְּנֵי יִשְׂרָאֵל אֶת־הַגְּשׁוּרִי 13
וְאֶת־הַמַּעֲכָתִי וַיֵּשֶׁב גְּשׁוּר וּמַעֲכָת בְּקֶרֶב יִשְׂרָאֵל עַד הַיּוֹם

## קאַפּיטעל יג

1 אוּנְד יְהוֹשֻׁעַ אִיז אַלְט גֶעוָוארֶען,
אוּנְד אִיז אִין (אַלְטֶע) טֶעג גֶעקוּמֶען,
אוּנְד גָאט הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט,
דוּא בִּיזְט אַלְט, דוּא בִּיזְט אִין (אַלְטֶע)
טֶעג גֶעקוּמֶען, אוּנְד פוּן דֶעם לַאנְד
אִיז נָאךְ זֶעהְר פִיל אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּען צוּ
יַרְשְׁנְ׳ן׃ 2 דָאס אִיז דָאס לַאנְד וָואס
אִיז אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּען, דִיא גַאנְצֶע גְרֶע־
נֶעץ פוּן דִיא פְּלִשְׁתִּים, אוּנְד דָאס
גַאנְצֶע פוּן דֶעם גְשׁוּרִי׃ 3 פוּן דֶעם
(טַייךְ) שִׁיחוֹר, וָואס אִיז פָאר מִצְרַיִם
בִּיז צוּ דֶער גְרֶענֶעץ פוּן עֶקְרוֹן, פוּן
צָפוֹן־זַייט זָאל צוּ דֶעם כְּנַעֲנִי גֶערֶעכֶענְט
וֶוערֶען; פִינְף אוֹיבֶּערְשְׁטֶע פוּן דִיא
פְּלִשְׁתִּים, דֶער עַזָּתִי, אוּנְד דֶער אַשְׁדוֹדִי,
אוּנְד דֶער אֶשְׁקְלוֹנִי, אוּנְד דֶער גִתִּי אוּנְד
דֶער עֶקְרוֹנִי, אוּנְד דִיא עַוִּים׃ 4 פוּן
דָרוֹם־זַייט, דָאס גַאנְצֶע לַאנְד פוּן דֶעם כְּנַעֲנִי, אוּנְד דִיא הֶייל וָואס גֶעהֶערְט צוּ דִיא
צִידוֹנִים, בִּיז קֵיין אֲפֵקָה, בִּיז צוּ דִיא גְרֶענֶעץ פוּן דֶעם אֱמֹרִי׃ 5 אוּנְד דָאס
לַאנְד פוּן דֶעם גִבְלִי, אוּנְד דָאס גַאנְצֶע לְבָנוֹן, וְואוּ דִיא זוּן גֵייט אוֹיף, פוּן בַּעַל־גָד
הִינְטֶער דֶעם בַּארְג חֶרְמוֹן, בִּיז מֶען קוּמְט קֵיין חֲמָת׃ 6 אַלֶע אֵיינְוְואוֹינֶער פוּן דֶעם
גֶעבֶּערְג, פוּן לְבָנוֹן בִּיז קֵיין מִשְׂרְפוֹת מַיִם, אַלֶע צִידוֹנִים זַייא וֶועל אִיךְ פֶערְ־
טְרַייבֶּען פָאר דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל, נֵייעֶרְט דוּא זָאלְסְט עֶס לָאזֶען צוּפַאלֶען צוּ יִשְׂרָאֵל
אַלְס עֶרְבְּטֵייל, אַזוֹי וִויא אִיךְ הָאבּ דִיר גֶעבָּאטֶען׃ 7 אוּנְד אַצוּנְד, צוּטֵייל דָאס
דָאזִיגֶע לַאנְד אַלְס אַ יְרוּשָׁה צוּ דִיא נֵיין שְׁבָטִים, אוּנְד דֶעם הַאלְבֶּען שֵׁבֶט פוּן
מְנַשֶּׁה׃ 8 מִיט אִיהְם (מְנַשֶּׁה) הָאט רְאוּבֵן אוּנְד גָד שׁוֹין גֶענוּמֶען זַיירֶע
יְרוּשָׁה, וָואס מֹשֶׁה הָאט צוּ זַייא גֶעגֶעבֶּען אוֹיף יֶענֶער זַייט יַרְדֵן אַן דֶער
מִזְרַח־זַייט, אַזוֹי וִויא מֹשֶׁה דֶער קְנֶעכְט פוּן גָאט הָאט צוּ זַייא גֶעגֶעבֶּען׃
9 פוּן עֲרוֹעֵר וָואס אִיז בֵּייא דֶעם בָּארְטֶען פוּן דֶעם טַייךְ אַרְנוֹן, אוּנְד דִיא
שְׁטָאט וָואס אִיז אִין דֶער מִיטֶען פוּן דֶעם טַייךְ, אוּנְד דֶער גַאנְצֶער פְלוֹין
פוּן מֵדְבָא בִּיז קֵיין דִיבוֹן׃ 10 אוּנְד אַלֶע שְׁטֶעט פוּן סִיחוֹן מֶלֶךְ פוּן
אֱמֹרִי וָואס הָאט רֶעגִירְט אִיבֶּער חֶשְׁבּוֹן, בִּיז צוּ דֶער גְרֶענֶעץ פוּן דִיא
קִינְדֶער עַמּוֹן׃ 11 אוּנְד גִלְעָד, אוּנְד דִיא גְרֶענֶעץ פוּן גְשׁוּרִי אוּנְד מַעֲכָתִי,
אוּנְד דָאס גַאנְצֶע גֶעבֶּערְג פוּן חֶרְמוֹן, אוּנְד גַאנְץ בָּשָׁן בִּיז קֵיין סַלְכָה׃
12 דָאס גַאנְצֶע קֶענִיגְרֵייךְ פוּן עוֹג אִין בָּשָׁן וָואס הָאט רֶעגִירְט אִין
עַשְׁתָּרוֹת אוּנְד אִין אֶדְרֶעִי, עֶר אִיז אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּען פוּן דִיא אִיבְּרִיגֶע רִיזֶען (רְפָאִים)
וָואס מֹשֶׁה הָאט זַייא גֶעשְׁלָאגֶען אוּנְד הָאט זַייא פֶערְטְרִיבֶּען׃ 13 אָבֶּער דִיא קִינְדֶער
יִשְׂרָאֵל הָאבֶּען נִיט פֶערְטְרִיבֶּען דִיא גְשׁוּרִי אוּנְד דִיא מַעֲכָתִי; אוּנְד אַזוֹי הָאבֶּען דִיא
גְשׁוּרִי אוּנְד דִיא מַעֲכָתִי גֶעווְאוֹינְט צְווִישֶׁען יִשְׂרָאֵל בִּיז צוּ דֶעם הֵיינְטִיגֶען טָאג׃

14 הַזֶּה: רַק לְשֵׁבֶט הַלֵּוִי לֹא נָתַן נַחֲלָה אִשֵּׁי יְהוָה אֱלֹהֵי
טו יִשְׂרָאֵל הוּא נַחֲלָתוֹ כַּאֲשֶׁר דִּבֶּר־לוֹ: ❋ וַיִּתֵּן מֹשֶׁה
16 לְמַטֵּה בְנֵי־רְאוּבֵן לְמִשְׁפְּחֹתָם: וַיְהִי לָהֶם הַגְּבוּל
מֵעֲרוֹעֵר אֲשֶׁר עַל־שְׂפַת־נַחַל אַרְנוֹן וְהָעִיר אֲשֶׁר בְּתוֹךְ־
17 הַנַּחַל וְכָל־הַמִּישֹׁר עַל־מֵידְבָא: חֶשְׁבּוֹן וְכָל־עָרֶיהָ אֲשֶׁר
18 בַּמִּישֹׁר דִּיבוֹן וּבָמוֹת בַּעַל וּבֵית בַּעַל מְעוֹן: וְיַהְצָה
19 וּקְדֵמֹת וּמֵפָעַת: וְקִרְיָתַיִם וְשִׂבְמָה וְצֶרֶת הַשַּׁחַר בְּהַר
כ הָעֵמֶק: וּבֵית פְּעוֹר וְאַשְׁדּוֹת הַפִּסְגָּה וּבֵית הַיְשִׁמוֹת:
21 וְכֹל עָרֵי הַמִּישֹׁר וְכָל־מַמְלְכוּת סִיחוֹן מֶלֶךְ הָאֱמֹרִי אֲשֶׁר
מָלַךְ בְּחֶשְׁבּוֹן אֲשֶׁר הִכָּה מֹשֶׁה אֹתוֹ ׀ וְאֶת־נְשִׂיאֵי מִדְיָן
אֶת־אֱוִי וְאֶת־רֶקֶם וְאֶת־צוּר וְאֶת־חוּר וְאֶת־רֶבַע נְסִיכֵי
22 סִיחוֹן יֹשְׁבֵי הָאָרֶץ: וְאֶת־בִּלְעָם בֶּן־בְּעוֹר הַקּוֹסֵם הָרְגוּ
23 בְנֵי־יִשְׂרָאֵל בַּחֶרֶב אֶל־חַלְלֵיהֶם: וַיְהִי גְּבוּל בְּנֵי רְאוּבֵן
הַיַּרְדֵּן וּגְבוּל זֹאת נַחֲלַת בְּנֵי־רְאוּבֵן לְמִשְׁפְּחֹתָם הֶעָרִים
24 וְחַצְרֵיהֶן: וַיִּתֵּן מֹשֶׁה לְמַטֵּה גָד לִבְנֵי־גָד לְמִשְׁפְּחֹתָם:
כה וַיְהִי לָהֶם הַגְּבוּל יַעְזֵר וְכָל־עָרֵי הַגִּלְעָד וַחֲצִי אֶרֶץ בְּנֵי
26 עַמּוֹן עַד־עֲרוֹעֵר אֲשֶׁר עַל־פְּנֵי רַבָּה: וּמֵחֶשְׁבּוֹן עַד־
27 רָמַת הַמִּצְפֶּה וּבְטֹנִים וּמִמַּחֲנַיִם עַד־גְּבוּל לִדְבִר: וּבָעֵמֶק
בֵּית הָרָם וּבֵית נִמְרָה וְסֻכּוֹת וְצָפוֹן יֶתֶר מַמְלְכוּת
סִיחוֹן מֶלֶךְ חֶשְׁבּוֹן הַיַּרְדֵּן וּגְבֻל עַד־קְצֵה יָם־כִּנֶּרֶת
28 עֵבֶר הַיַּרְדֵּן מִזְרָחָה: זֹאת נַחֲלַת בְּנֵי־גָד לְמִשְׁפְּחֹתָם
29 הֶעָרִים וְחַצְרֵיהֶם: ❋ וַיִּתֵּן מֹשֶׁה לַחֲצִי שֵׁבֶט מְנַשֶּׁה
ל וַיְהִי לַחֲצִי מַטֵּה בְנֵי־מְנַשֶּׁה לְמִשְׁפְּחוֹתָם: וַיְהִי גְבוּלָם
מִמַּחֲנַיִם כָּל־הַבָּשָׁן כָּל־מַמְלְכוּת ׀ עוֹג מֶלֶךְ־הַבָּשָׁן
31 וְכָל־חַוֹּת יָאִיר אֲשֶׁר בַּבָּשָׁן שִׁשִּׁים עִיר: וַחֲצִי הַגִּלְעָד
וְעַשְׁתָּרוֹת וְאֶדְרֶעִי עָרֵי מַמְלְכוּת עוֹג בַּבָּשָׁן לִבְנֵי מָכִיר
32 בֶּן־מְנַשֶּׁה לַחֲצִי בְנֵי־מָכִיר לְמִשְׁפְּחוֹתָם: אֵלֶּה אֲשֶׁר־

14 אָבער צוּ דעם שבט לוי האָט ער
ניט געגעבען קיין נחלה, דיא פייערָאָפּ־
פער פון דעם הא', דעם גאָט פון ישׂראל,
דאָס איז זיין נחלה, אַזוֹי ווי ער האָט
צוּ איהם גערעדט: 15 אוּנד משה האָט
געגעבען צוּ דעם שבט פון דיא קינדער
ראובן (אַן ערבטייל) נאָך זיירע משפחות:
16 אוּנד עס איז צוּ זייא געוועזען דיא
גרענעץ פון ערוער וואָס איז בייא דעם
באָרטען פון דעם טייך ארנון, אוּנד דיא
שטאָט וואָס איז אין מיטען פון דעם
טייך, אוּנד דער גאַנצער פּלוין בייא
מידבא: 17 חשבון אוּנד אַלע איהרע
שטעט וואָס זענען אין דעם פּלוין; דיבון
אוּנד במות בעל, אוּנד בית בעל מעון:
18 אוּנד יהצה אוּנד קדמות אוּנד מפעת:
19 אוּנד קריתים אוּנד שׂבמה, אוּנד צרת
השחר אין דעם בארג פון דעם טהאָל:
20 אוּנד בית פעור, אוּנד דיא אָפּנע־
מוּנג פון פסגה, אוּנד בית הישימות:
21 אוּנד אַלע שטעט פון דעם פּלוין,
אוּנד אַלע קעניגרייכע פון סיחון מלך
פון אמרי וואָס האָט רעגירט אין חשבון,
וועלכען משה האָט געשלאָגען, איהם אוּנד דיא אויבערשטע פון מדין, דעם
אוי, אוּנד דעם רקם, אוּנד דעם צור, אוּנד דעם חור, אוּנד דעם רבע, דיא
אויבערשטע פון סיחון, וואָס האָבען געוואוינט אין דעם לאַנד: 22 אוּנד דעם
בלעם זוהן פון בעור, דעם כּשוף מאַכער האָבען דיא קינדער ישׂראל דערשלאָגען
מיט דעם שווערד מיט זיירע דערשלאָגענע: 23 אוּנד דיא גרענעץ פון דיא קינדער
ראובן איז געוועזען, דער ירדן אוּנד דיא גרענעץ, דאָס איז געוועזען דאָס ערבטייל
פון דיא קינדער ראובן צוּ זיירע משפחות, דיא שטעט אוּנד זיירע דערפער:
24 אוּנד משה האָט געגעבען (אַ נחלה) צוּ דעם שבט גד, צוּ דיא קינדער גד
נאָך זייערע משפחות: 25 אוּנד דיא גרענעץ איז צוּ זייא געוועזען יעזר אוּנד
אוּנד אַלע שטעט פון גלעד, אוּנד דאָס האַלבע לאַנד פון דיא קינדער עמון,
ביז קיין ערוער וואָס איז פאַר רבה: 26 אוּנד פון חשבון ביז רמת המצפה
אוּנד בטונים, אוּנד פון מחנים ביז צוּ דער גרענעץ פון דביר: 27 אוּנד אין
דעם טהאָל בית הרם, אוּנד בית נמרה, אוּנד סכות, אוּנד צפון, דאָס איבריגע
פון דעם קעניגרייך פון סיחון מלך חשבון, דער ירדן אוּנד דיא גרענעץ, ביז צוּ
דעם ים כנרת, קעגענאיבער דעם ירדן אַן דער מזרח־זייט: 28 דאָס איז דאָס
ערבטייל פון דיא קינדער גד נאָך זיירע משפחות, מיט דיא שטעט אוּנד זיירע
דערפער: 29 אוּנד משה האָט געגעבען (אַ נחלה) צוּ דעם האַלבען שבט
מנשה, אוּנד עס איז געוועזען צוּ דעם האַלבען שבט פון דיא קינדער מנשה
נאָך זיירע משפחות: 30 אוּנד זיירע גרענעצען זענען געוועזען פון מחנים,
דאָס גאַנצע בשן, דאָס גאַנצע קעניגרייך פון עוג מלך הבשן, אוּנד אַלע
דערפער פון יאיר וואָס איז אין בשן, זעכציג שטעט: 31 אוּנד דאָס האַלבע
(לאַנד פון) גלעד, אוּנד עשתרות, אוּנד אדרעי, דיא שטעט פון דעם קעניגרייך
עוג אין בשן, (האָט ער געגעבען) צוּ דיא קינדער פון מכיר, זוהן פון מנשה,
צוּ דיא העלפט פון דיא קינדער פון מכיר נאָך זיירע משפחות: 32 דיזע

האט

הָאט משֶׁה גֶעמַאכְט יַרְשׁנִ׳ן אִין עַרְבוֹת
מוֹאָב, פוּן יֶענֶער זַייט יַרְדֵן בַּייא יְרִיחוֹ,
אַן דֶער מִזְרַח־זַייט: 33 אָבֶּער צוּ דֶעם
שֵׁבֶט לֵוִי הָאט משֶׁה נִיט גֶעגֶעבֶּען קֵיין
עֶרְבּטֵייל; דֶער הַאר, דֶער גָאט פוּן
יִשְׂרָאֵל, עֶר אִיז גֶעוֶועזֶען זֵייעֶר עֶרְבּ־
טֵייל, אַזוֹי וִויא עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶערֶעט:

קאפיטעל יד

1 אוּנְד דִיא דָאזִיגֶע (זֶענֶען דִיא שְׁטֶעט)
וָואס דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל הָאבֶּען גֶע־
עֶרְבְּט אִין דֶעם לַאנְד כְּנַעַן, וָואס אֶלְעָזָר
הַכֹּהֵן אוּנְד יְהוֹשֻׁעַ זוּהְן פוּן נוּן, אוּנְד דִיא
רָאשֵׁי אָבוֹת פוּן דִיא שְׁבָטִים דֶער קִינְדֶער
יִשְׂרָאֵל הָאבֶּען עֶס צוּטֵיילְט צוּ זֵייא:
2 דוּרְךְ אַ גוֹרָל אִיז גֶעוֶועזֶען זֵייעֶר
נַחֲלָה, אַזוֹי וִויא גָאט הָאט גֶעבָּאטֶען
דוּרְךְ משֶׁה, פַאר דִיא נַיין שְׁבָטִים אוּנְד
דֶעם הַאלְבֶּען שֵׁבֶט: 3 וָוארִין משֶׁה
הָאט שׁוֹין גֶעגֶעבֶּען דִיא נַחֲלָה פוּן
צְוֵוייא שְׁבָטִים אוּנְד אַ הַאלְבֶּען שֵׁבֶט
אוֹיף יֶענֶער זַייט יַרְדֵן, אָבֶּער צוּ דִיא
לְוִיִם הָאט עֶר נִיט גֶעגֶעבֶּען אַ נַחֲלָה
צְווִישֶׁען זֵייא: 4 וָוארִין דִיא קִינְדֶער

נַחַל משֶׁה בְּעַרְבוֹת מוֹאָב מֵעֵבֶר לְיַרְדֵּן יְרִיחוֹ מִזְרָחָה׃
33 וּלְשֵׁבֶט הַלֵּוִי לֹא־נָתַן משֶׁה נַחֲלָה יְהוָֹה אֱלֹהֵי יִשְׂרָאֵל
הוּא נַחֲלָתָם כַּאֲשֶׁר דִּבֶּר לָהֶם׃

יד

א וְאֵלֶּה אֲשֶׁר־נָחֲלוּ בְנֵי־יִשְׂרָאֵל בְּאֶרֶץ כְּנָעַן אֲשֶׁר נִחֲלוּ
אוֹתָם אֶלְעָזָר הַכֹּהֵן וִיהוֹשֻׁעַ בִּן־נוּן וְרָאשֵׁי אֲבוֹת הַמַּטּוֹת
2 לִבְנֵי יִשְׂרָאֵל׃ בְּגוֹרַל נַחֲלָתָם כַּאֲשֶׁר צִוָּה יְהוָֹה בְּיַד־
3 משֶׁה לְתִשְׁעַת הַמַּטּוֹת וַחֲצִי הַמַּטֶּה׃ כִּי־נָתַן משֶׁה
נַחֲלַת שְׁנֵי הַמַּטּוֹת וַחֲצִי הַמַּטֶּה מֵעֵבֶר לַיַּרְדֵּן וְלַלְוִיִּם
4 לֹא־נָתַן נַחֲלָה בְּתוֹכָם׃ כִּי־הָיוּ בְנֵי־יוֹסֵף שְׁנֵי מַטּוֹת
מְנַשֶּׁה וְאֶפְרָיִם וְלֹא־נָתְנוּ חֵלֶק לַלְוִיִּם בָּאָרֶץ כִּי אִם־
ה עָרִים לָשֶׁבֶת וּמִגְרְשֵׁיהֶם לְמִקְנֵיהֶם וּלְקִנְיָנָם׃ כַּאֲשֶׁר
צִוָּה יְהוָֹה אֶת־משֶׁה כֵּן עָשׂוּ בְּנֵי יִשְׂרָאֵל וַיַּחְלְקוּ אֶת־
6 הָאָרֶץ׃ וַיִּגְּשׁוּ בְנֵי־יְהוּדָה אֶל־יְהוֹשֻׁעַ בַּגִּלְגָּל וַיֹּאמֶר
אֵלָיו כָּלֵב בֶּן־יְפֻנֶּה הַקְּנִזִּי אַתָּה יָדַעְתָּ אֶת־הַדָּבָר אֲשֶׁר־
דִּבֶּר יְהוָֹה אֶל־משֶׁה אִישׁ־הָאֱלֹהִים עַל אֹדוֹתַי וְעַל־
7 אֹדוֹתֶיךָ בְּקָדֵשׁ בַּרְנֵעַ׃ בֶּן־אַרְבָּעִים שָׁנָה אָנֹכִי בִּשְׁלֹחַ
משֶׁה עֶבֶד־יְהוָֹה אֹתִי מִקָּדֵשׁ בַּרְנֵעַ לְרַגֵּל אֶת־הָאָרֶץ
8 וָאָשֵׁב אֹתוֹ דָּבָר כַּאֲשֶׁר עִם־לְבָבִי׃ וְאַחַי אֲשֶׁר עָלוּ
עִמִּי הִמְסִיו אֶת־לֵב הָעָם וְאָנֹכִי מִלֵּאתִי אַחֲרֵי יְהוָֹה
9 אֱלֹהָי׃ וַיִּשָּׁבַע משֶׁה בַּיּוֹם הַהוּא לֵאמֹר אִם־לֹא הָאָרֶץ
אֲשֶׁר דָּרְכָה רַגְלְךָ בָּהּ לְךָ תִהְיֶה לְנַחֲלָה וּלְבָנֶיךָ עַד־
י עוֹלָם כִּי מִלֵּאתָ אַחֲרֵי יְהוָֹה אֱלֹהָי׃ וְעַתָּה הִנֵּה הֶחֱיָה
יְהוָֹה אוֹתִי כַּאֲשֶׁר דִּבֵּר זֶה אַרְבָּעִים וְחָמֵשׁ שָׁנָה מֵאָז
דִּבֶּר יְהוָֹה אֶת־הַדָּבָר הַזֶּה אֶל־משֶׁה אֲשֶׁר־הָלַךְ יִשְׂרָאֵל
בַּמִּדְבָּר וְעַתָּה הִנֵּה אָנֹכִי הַיּוֹם בֶּן־חָמֵשׁ וּשְׁמוֹנִים שָׁנָה׃
11 עוֹדֶנִּי הַיּוֹם חָזָק כַּאֲשֶׁר בְּיוֹם שְׁלֹחַ אוֹתִי משֶׁה כְּכֹחִי

פוּן יוֹסֵף זֶענֶען גֶעוֶועזֶען צְוֵוייא שְׁבָטִים, מְנַשֶּׁה אוּנְד אֶפְרַיִם; אוּנְד זֵייא הָאבֶּען
נִיט גֶעגֶעבֶּען אַ חֵלֶק צוּ דִיא לְוִיִם אִין דֶעם לַאנְד, נַייעֶרְט שְׁטֶעט אִין זֵייא צוּ
וְואוֹינֶען, אוּנְד זֵיירֶע לֵיידִיגֶע פְּלֶעצֶער פַאר זֵיירֶע בְּהֵמוֹת אוּנְד פַאר זֵייעֶר
פֶערְמֶעגֶען: 5 אַזוֹי וִויא גָאט הָאט גֶעבָּאטֶען משֶׁה אַזוֹי הָאבֶּען דִיא קִינְ־
דֶער יִשְׂרָאֵל גֶעטְהוּן, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען צוּטֵיילְט דָאס לַאנְד: 6 אוּנְד דִיא
קִינְדֶער פוּן יְהוּדָה הָאבֶּען זִיךְ גֶענֶעהְנְט צוּ יְהוֹשֻׁעַ אִין גִלְגָל, אוּנְד כָּלֵב
זוּהְן פוּן יְפֻנֶּה דֶער קְנִזִי הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, דוּא וֵוייסְט וְואוֹיל דָאס וָוארְט
וָואס דֶער הַאר הָאט גֶערֶעט צוּ משֶׁה דֶעם מַאן פוּן גָאט, וֶועגֶען מִיר אוּנְד
וֶועגֶען דִיר אִין קָדֵשׁ בַּרְנֵעַ: 7 אִיךְ בִּין אַלְט גֶעוֶועזֶען פִירְצִיג יָאהְר וֶוען
משֶׁה דֶער קְנֶעכְט פוּן גָאט הָאט מִיךְ אַרוֹיסְגֶעשִׁיקְט פוּן קָדֵשׁ בַּרְנֵעַ אוֹיס־
צוּפָארְשֶׁען דָאס לַאנְד, אוּנְד אִיךְ הָאבּ אִיהְם גֶעבְּרֶענְגְט אַן אַנְטְוָוארְט אַזוֹי
וִויא עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אִין מֵיין הַארְץ: 8 אוּנְד מֵיינֶע בְּרִידֶער וָואס זֶענֶען
מִיט מִיר אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען, הָאבֶּען גֶעמַאכְט שְׁמֶעלְצֶען דָאס הַארְץ פוּן דֶעם
פָאלְק, אָבֶּער אִיךְ בִּין פָאלְקָאמֶען נָאכְגֶעגַאנְגֶען דֶעם הַאר מֵיין גָאט: 9 אוּנְד
משֶׁה הָאט דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען טָאג גֶעשְׁווֹאוֹירֶען אַזוֹי צוּ זָאגֶען, זִיכֶערלִיךְ דָאס
לַאנְד וָואס דֵיינֶע פִיס הָאבֶּען דַארוֹיף גֶעטְרֶעטֶען, זָאל זַיין צוּ דִיר אַלְס אַ
נַחֲלָה אוּנְד צוּ דֵיינֶע קִינְדֶער בִּיז אוֹיף אֵייבִּיג, וָוארִין דוּא בִּיזְט פָאלְקָאמֶען
נָאכְגֶעגַאנְגֶען דֶעם הַאר מֵיין גָאט: 10 אוּנְד אַצוּנְד זֶעה, גָאט הָאט מִיךְ
גֶעלָאזְט לֶעבֶּען אַזוֹי וִויא עֶר הָאט גֶעזָאגְט, דָאס אִיז שׁוֹין פִינְף אוּנְד
פִירְצִיג יָאהְר, פוּן דֶער צֵייט וָואס גָאט הָאט גֶערֶעט דָאס וָוארְט צוּ משֶׁה,
וֵוייל יִשְׂרָאֵל אִיז אַרוּמְגֶעגַאנְגֶען אִין דֶער מִדְבָּר; אוּנְד אַצוּנְד זֶעה, אִיךְ בִּין
הַיינְט אַלְט פִינְף אוּנְד אַכְצִיג יָאהְר: 11 אִיךְ בִּין נָאךְ הַיינְט אַזוֹי שְׁטַארְק
וִויא אִין דֶעם טָאג וֶוען משֶׁה הָאט מִיךְ אַרוֹיסְגֶעשִׁיקְט, אַזוֹי וִויא מֵיין כֹּחַ

12 אָז וּכְכֹחִי עָתָּה לַמִּלְחָמָה וְלָצֵאת וְלָבוֹא׃ וְעַתָּה תְּנָה־לִּי
אֶת־הָהָר הַזֶּה אֲשֶׁר־דִּבֶּר יְהוָה בַּיּוֹם הַהוּא כִּי־אַתָּה שָׁמַעְתָּ
בַיּוֹם הַהוּא כִּי־עֲנָקִים שָׁם וְעָרִים גְּדֹלוֹת בְּצֻרוֹת אוּלַי
13 יְהוָה אוֹתִי וְהוֹרַשְׁתִּים כַּאֲשֶׁר דִּבֶּר יְהוָה׃ וַיְבָרְכֵהוּ יְהוֹשֻׁעַ
14 וַיִּתֵּן אֶת־חֶבְרוֹן לְכָלֵב בֶּן־יְפֻנֶּה לְנַחֲלָה׃ עַל־כֵּן הָיְתָה־
חֶבְרוֹן לְכָלֵב בֶּן־יְפֻנֶּה הַקְּנִזִּי לְנַחֲלָה עַד הַיּוֹם הַזֶּה יַעַן
טו אֲשֶׁר מִלֵּא אַחֲרֵי יְהוָה אֱלֹהֵי יִשְׂרָאֵל׃ וְשֵׁם חֶבְרוֹן לְפָנִים
קִרְיַת אַרְבַּע הָאָדָם הַגָּדוֹל בָּעֲנָקִים הוּא וְהָאָרֶץ שָׁקְטָה
מִמִּלְחָמָה׃

טו

טו

א וַיְהִי הַגּוֹרָל לְמַטֵּה בְּנֵי יְהוּדָה לְמִשְׁפְּחֹתָם אֶל־גְּבוּל
2 אֱדוֹם מִדְבַּר־צִן נֶגְבָּה מִקְצֵה תֵימָן׃ וַיְהִי לָהֶם גְּבוּל נֶגֶב
3 מִקְצֵה יָם הַמֶּלַח מִן־הַלָּשֹׁן הַפֹּנֶה נֶגְבָּה׃ וְיָצָא אֶל־
מִנֶּגֶב לְמַעֲלֵה עַקְרַבִּים וְעָבַר צִנָה וְעָלָה מִנֶּגֶב לְקָדֵשׁ
4 בַּרְנֵעַ וְעָבַר חֶצְרוֹן וְעָלָה אַדָּרָה וְנָסַב הַקַּרְקָעָה׃ וְעָבַר
עַצְמוֹנָה וְיָצָא נַחַל מִצְרַיִם וְהָיָה תֹּצְאוֹת הַגְּבוּל יָמָּה
ה זֶה־יִהְיֶה לָכֶם גְּבוּל נֶגֶב׃ וּגְבוּל קֵדְמָה יָם הַמֶּלַח עַד־
קְצֵה הַיַּרְדֵּן וּגְבוּל לִפְאַת צָפוֹנָה מִלְּשׁוֹן הַיָּם מִקְצֵה
6 הַיַּרְדֵּן׃ וְעָלָה הַגְּבוּל בֵּית חָגְלָה וְעָבַר מִצְּפוֹן לְבֵית
7 הָעֲרָבָה וְעָלָה הַגְּבוּל אֶבֶן בֹּהַן בֶּן־רְאוּבֵן׃ וְעָלָה הַגְּבוּל ׀
דְּבִרָה מֵעֵמֶק עָכוֹר וְצָפוֹנָה פֹּנֶה אֶל־הַגִּלְגָּל אֲשֶׁר־נֹכַח
לְמַעֲלֵה אֲדֻמִּים אֲשֶׁר מִנֶּגֶב לַנָּחַל וְעָבַר הַגְּבוּל אֶל־מֵי
8 עֵין־שֶׁמֶשׁ וְהָיוּ תֹצְאֹתָיו אֶל־עֵין רֹגֵל׃ וְעָלָה הַגְּבוּל גֵּי
בֶן־הִנֹּם אֶל־כֶּתֶף הַיְבוּסִי מִנֶּגֶב הִיא יְרוּשָׁלָםִ וְעָלָה
הַגְּבוּל אֶל־רֹאשׁ הָהָר אֲשֶׁר עַל־פְּנֵי גֵי־הִנֹּם יָמָּה אֲשֶׁר
9 בִּקְצֵה עֵמֶק־רְפָאִים צָפוֹנָה׃ וְתָאַר הַגְּבוּל מֵרֹאשׁ הָהָר
אֶל־מַעְיַן מֵי נֶפְתּוֹחַ וְיָצָא אֶל־עָרֵי הַר־עֶפְרוֹן וְתָאַר הַגְּבוּל

איז דענסטמאָל געװעזן אַזױ איז מײן כּחַ אַצונד, צו דער מִלְחָמָה אַרױסצוגײן אונד אַרײנצוקומען: 12 אונד אַצונד גיב מיר דעם בּאַרג פֿון װעלכען גאָט האָט גערעט אָן דעם דאָזיגען טאָג, װאָרין דו האָסט דאָך געהערט אָן דעם דאָזיגען טאָג אַז דיא עֲנָקִים (ריזען) דאָרט, אונד אַז דיא שטעט זענען גרױס אונד פעסט, אונד װען גאָט װעט מיט מיר זײן, אַזױ װעל איך זײא קענען פערטרײבען, אַזױ װיא גאָט האָט גערעט: 13 אונד יְהוֹשֻׁעַ האָט איהם געבענשט, אונד ער האָט געגעבען חֶבְרוֹן צו כָּלֵב זוהן פֿון יְפֻנֶּה אַלס אַן ערבטײל: 14 איבער דעם איז חֶבְרוֹן געװעזן צו כָּלֵב זוהן פֿון יְפֻנֶּה, דער קְנִזִּי, אַלס אַן ערבטײל ביז צו דעם הײנטיגען טאָג, װײל ער האָט גאַנץ נאָכגעפאָלגט דעם האַר, גאָט פֿון יִשְׂרָאֵל: 15 אונד דער נאָמען פֿון חֶבְרוֹן איז פריהער געװעזן קִרְיַת אַרְבַּע, (דערװעלביגער) איז געװעזן דער גרעסטער מענש אונטער דיא עֲנָקִים, אונד דאָס לאַנד איז געװעזן שטיל פֿון דער מִלְחָמָה:

## קאַפּיטעל טו

1 אונד דאָס גוֹרָל פֿון דעם שֵׁבֶט פֿון דיא קינדער יְהוּדָה צו זײערע מִשְׁפָּחוֹת, איז געװעזן, בײא דער גרענעץ פֿון אֱדוֹם, פֿון דער מִדְבַּר צִן אױף דָרום־זײט, אין דעם עק דָרום־זײט איז עס געװעזן: 2 אונד דיא גרענעץ פֿון דָרום־זײט איז צו זײא געװעזן פֿון דעם עק יָם הַמֶּלַח, פֿון דעם שטראָם װאָס קעהרט זיך צו דָרום־זײט: 3 אונד עס איז אַרױסגעגאַנגען צו דָרום־זײט פֿון מַעֲלֵה עַקְרַבִּים, אונד איז אַריבּערגעגאַנגען קײן צִן, אונד איז אַרױפגעגאַנגען פֿון דָרום־זײט קײן קָדֵשׁ בַּרְנֵעַ אונד איז אַריבּערגעגאַנגען חֶצְרוֹן, אונד איז אַרױפגעגאַנגען קײן אַדָּר, אונד האָט אַרומגערינגעלט קַרְקָעָה: 4 אונד איז אַריבּערגעגאַנגען קײן עַצְמוֹן, אונד איז אַרױסגעקומען צו דעם טײך פֿון מִצְרַיִם, אונד דער אױסגאַנג פֿון דיא גרענעץ איז געװעזן אױף מַעֲרָב־זײט; דאָס זאָל צו אײך זײן דיא גרענעץ פֿון דָרום־זײט: 5 אונד דיא גרענעץ פֿון מִזְרָח־זײט איז געװעזן פֿון דעם יָם הַמֶּלַח ביז צו דעם עק פֿון יַרְדֵּן; אונד דיא גרענעץ פֿון צָפוֹן־זײט איז געװעזן פֿון דעם שטראָם פֿון יָם, פֿון דעם עק פֿון יַרְדֵּן: 6 אונד דיא גרענעץ איז אַרױפגעגאַנגען פֿון בֵּית חָגְלָה, אונד איז אַריבּערגעגאַנגען פֿון צָפוֹן־זײט קײן בֵּית הָעֲרָבָה; אונד דיא גרענעץ איז אַרױפגעגאַנגען ביז אֶבֶן בּוֹהַן בֶּן־רְאוּבֵן: 7 אונד דיא גרענעץ איז אַרױפגעגאַנגען קײן דְבִיר פֿון עֵמֶק עָכוֹר, אונד האָט זיך געקעהרט אין צָפוֹן־זײט צו גִלְגָל, װאָס איז קעגענאיבּער דעם אױפגאַנג פֿון אֲדֻמִּים, װאָס איז אַן דער דָרום־זײט פֿון דעם טײך; אונד דיא גרענעץ איז אַריבּערגעגאַנגען ביז צו דעם װאַסער פֿון עֵין שֶׁמֶשׁ, אונד זײן אױסגאַנג איז געװעזן ביז עֵין רוֹגֵל: 8 אונד דיא גרענעץ איז אַרױפגעגאַנגען בײא דעם טהאָל פֿון דעם זוהן פֿון הִנּוֹם, אַן דער זײט פֿון דעם יְבוּסִי, פֿון דָרום־זײט, דאָס איז יְרוּשָׁלַיִם; אונד דיא גרענעץ איז אַרױפגעגאַנגען ביז צו דער שפּיץ פֿון דעם בּאַרג, װאָס איז פאַר דעם טהאָל פֿון הִנּוֹם אַן מַעֲרָב־זײט, װאָס איז אַן דעם עק טהאָל פֿון דיא רְפָאִים (ריזען) אַן דער צָפוֹן־זײט: 9 אונד דיא גרענעץ האָט זיך געצױגען פֿון דער שפּיץ פֿון דעם בּאַרג צו דעם װאַסער־קװאַל נֶפְתּוֹחַ, אונד איז אַרױסגעגאַנגען צו דיא שטעט פֿון דעם בּאַרג עֶפְרוֹן, אונד דיא גרענעץ האָט זיך געצױגען

בִּיז בַּעֲלָה, דָאס אִיז קִרְיַת יְעָרִים: 10 אוּנְד
דִיא גְרֶענְעֶץ הָאט זִיךְ אַרוּמְגֶערִינְגֶעלְט
פוּן בַּעֲלָה, קֵיין מַעֲרָב־זַייט צוּ דֶעם
בַּארְג שֵׂעִיר, אוּנְד אִיז אַרִיבֶּערְגֶעגַאנְגֶען
צוּ דֶער זַייט פוּן דֶעם בַּארְג יְעָרִים פוּן
צָפוֹן־זַייט; דָאס אִיז כְּסָלוֹן; אוּנְד הָאט
אַרוּפְּגֶענִידֶערְט קֵיין בֵּית־שֶׁמֶשׁ, אוּנְד אִיז
אַרִיבֶּערְגֶעגַאנְגֶען קֵיין תִּמְנָה: 11 אוּנְד
דִיא גְרֶענְעֶץ אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען צוּ דֶער
צָפוֹן־זַייט פוּן עֶקְרוֹן, אוּנְד דִיא גְרֶענְעֶץ
הָאט זִיךְ גֶעצוֹיגֶען קֵיין שִׁכְּרוֹן, אוּנְד אִיז
אַרִיבֶּערְגֶעגַאנְגֶען צוּ דֶעם בַּארְג בַּעֲלָה,
אוּנְד אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען קֵיין יַבְנְאֵל,
אוּנְד דִיא אוֹיסְגֶענְג פוּן דֶער גְרֶענְעֶץ אִיז
גֶעוֶועזֶען קֶעגֶען מַעֲרָב־זַייט: 12 אוּנְד
דִיא גְרֶענְעֶץ פוּן מַעֲרָב־זַייט אִיז גֶעוֶועזֶען
בִּיז צוּ דֶעם יָם הַגָּדוֹל, אוּנְד דָאס אִיז
דִיא גְרֶענְעֶץ פוּן דִיא קִינְדֶער יְהוּדָה
רִינְגְם אַרוּם נָאךְ זֵייעֶרֶע מִשְׁפָּחוֹת: 13 אוּנְד
צוּ כָּלֵב זוּהְן פוּן יְפֻנֶּה, הָאט עֶר גֶעגֶעבֶּען
אַ חֵלֶק צְוִוישֶׁען דִיא קִינְדֶער פוּן יְהוּדָה,
אַזוֹי וִויא גָאט הָאט גֶעזָאגְט צוּ יְהוֹשֻׁעַ,
קִרְיַת אַרְבַּע, וָואס אִיז גֶעוֶועזֶען דֶער
פָאטֶער פוּן עֲנָק, דָאס אִיז חֶבְרוֹן: 14 אוּנְד
כָּלֵב הָאט פוּן דָארְט פֶערְטְרִיבֶּען דִיא
דְרֵייא זוּהְן פוּן עֲנָק, דֶעם שֵׁשַׁי, אוּנְד
דֶעם אֲחִימָן, אוּנְד דֶעם תַּלְמַי, דִיא קִינְדֶער פוּן עֲנָק: 15 אוּנְד עֶר אִיז פוּן דָארְט
אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען צוּ דִיא בֶּעוְואוֹינֶער פוּן דְבִיר, אוּנְד דֶער נָאמֶען פוּן דְבִיר אִיז פְרִיהֶער
גֶעוֶועזֶען קִרְיַת־סֵפֶר: 16 אוּנְד כָּלֵב הָאט גֶעזָאגְט, דֶער וָואס וֶועט שְׁלָאגֶען קִרְיַת־סֵפֶר
אוּנְד וֶועט זִיא אֵיינְנֶעמֶען, צוּ דֶעם וֶועל אִיךְ גֶעבֶּען מֵיינֶע טָאכְטֶער עַכְסָה פַאר אַ
ווייבּ: 17 אוּנְד עָתְנִיאֵל דֶער זוּהְן פוּן קְנַז, דֶער בְּרוּדֶער פוּן כָּלֵב הָאט זִיא אֵיינְ־
גֶענוּמֶען, אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם גֶעגֶעבֶּען זַיינֶע טָאכְטֶער עַכְסָה פַאר אַ ווייבּ: 18 אוּנְד
עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אַלְס זִיא אִיז צוּ אִיהְם גֶעקוּמֶען אַזוֹי הָאט זִיא אִיהְם אָנְגֶערֶעט אַז
עֶר זָאל פוּן אִיהְר פָאטֶער פֶערְלַאנְגֶען אַ פֶעלְד, אוּנְד זִיא הָאט זִיךְ אַרוּפְּגֶעלָאזְט פוּן
דֶעם אֵייזֶעל, אוּנְד כָּלֵב הָאט צוּ אִיהְר גֶעזָאגְט, וָואס אִיז צוּ דִיר? 19 אוּנְד זִיא הָאט
גֶעזָאגְט, גִיבּ מִיר אַ בְּרָכָה, וָוארִין דוּא הָאסְט מִיר גֶעגֶעבֶּען אַ דָרוֹם־לַאנְד, אַזוֹי גִיבּ
מִיר (אוֹיךְ) קְוֶועל־וַואסֶער; אוּנְד עֶר הָאט צוּ אִיהְר גֶעגֶעבֶּען דִיא אוֹיבֶּערְ־
שְׁטֶע קְוֶועלֶען אוּנְד דִיא אוּנְטֶערְשְׁטֶע קְוֶועלֶען: 20 דָאס אִיז דִיא נַחֲלָה פוּן
דֶעם שֵׁבֶט דֶער קִינְדֶער פוּן יְהוּדָה, נָאךְ זֵייעֶרֶע גֶעשְׁלֶעכְטֶער: 21 אוּנְד דִיא
שְׁטֶעט זֶענֶען גֶעוֶועזֶען פוּן דֶעם עֶק (גְרֶענְעֶץ) צוּ דֶעם שֵׁבֶט דֶער קִינְדֶער
פוּן יְהוּדָה בִּיז צוּ דֶער גְרֶענְעֶץ פוּן אֱדוֹם אַן דֶער דָרוֹם־זַייט, קַבְצְאֵל, אוּנְד
עֵדֶר אוּנְד יָגוּר: 22 אוּנְד קִינָה, אוּנְד דִימוֹנָה, אוּנְד עַדְעָדָה: 23 אוּנְד קֶדֶשׁ,
אוּנְד חָצוֹר, אוּנְד יִתְנָן: 24 זִיף, אוּנְד טֶלֶם אוּנְד בְּעָלוֹת: 25 אוּנְד חָצוֹר, אוּנְד
חֲדַתָּה, אוּנְד קְרִיּוֹת חֶצְרוֹן, דָאס אִיז חָצוֹר: 26 אֲמָם, אוּנְד שְׁמַע, אוּנְד מוֹלָדָה:
27 אוּנְד חֲצַר גַּדָּה, אוּנְד חֶשְׁמוֹן, אוּנְד בֵּית פָּלֶט: 28 אוּנְד חֲצַר שׁוּעָל, בְּאֵר
שֶׁבַע, אוּנְד בִּזְיוֹתְיָה: 29 בַּעֲלָה, אוּנְד עִיִּים, אוּנְד עָצֶם: 30 אוּנְד אֶלְתּוֹלַד, אוּנְד
כְּסִיל, אוּנְד חָרְמָה: 31 אוּנְד צִקְלַג, אוּנְד מַדְמַנָּה, אוּנְד סַנְסַנָּה: 32 אוּנְד לְבָאוֹת,
אוּנְד שִׁלְחִים, אוּנְד עַיִן, אוּנְד רִמּוֹן, אַלֶע שְׁטֶעט (זֶענֶען גֶעוֶועזֶען) נַיין אוּנְד צְוַואנְצִיג,
אוּנְד זֵייעֶרֶע דֶערְפֶער: 33 אִין דֶעם טְהָאל אֶשְׁתָּאוֹל, אוּנְד צָרְעָה, אוּנְד אַשְׁנָה: 34 אוּנְד
זָנוֹחַ, אוּנְד עֵין גַּנִּים תַּפּוּחַ, אוּנְד הָעֵינָם: 35 יַרְמוּת, אוּנְד עֲדֻלָּם, שׂוֹכֹה, אוּנְד עֲזֵקָה:

בַּעֲלָה הִיא קִרְיַת יְעָרִים: 10 וְנָסַב הַגְּבוּל מִבַּעֲלָה יָמָּה
אֶל־הַר שֵׂעִיר וְעָבַר אֶל־כֶּתֶף הַר־יְעָרִים מִצָּפוֹנָה הִיא
11 כְסָלוֹן וְיָרַד בֵּית־שֶׁמֶשׁ וְעָבַר תִּמְנָה: וְיָצָא הַגְּבוּל אֶל־
כֶּתֶף עֶקְרוֹן צָפוֹנָה וְתָאַר הַגְּבוּל שִׁכְּרוֹנָה וְעָבַר הַר־
12 הַבַּעֲלָה וְיָצָא יַבְנְאֵל וְהָיוּ תֹּצְאוֹת הַגְּבוּל יָמָּה: וּגְבוּל
יָם הַיָּמָּה הַגָּדוֹל וּגְבוּל זֶה גְּבוּל בְּנֵי־יְהוּדָה סָבִיב
13 לְמִשְׁפְּחֹתָם: וּלְכָלֵב בֶּן־יְפֻנֶּה נָתַן חֵלֶק בְּתוֹךְ בְּנֵי־
יְהוּדָה אֶל־פִּי יְהוָה לִיהוֹשֻׁעַ אֶת־קִרְיַת אַרְבַּע אֲבִי הָעֲנָק
14 הִיא חֶבְרוֹן: וַיֹּרֶשׁ מִשָּׁם כָּלֵב אֶת־שְׁלוֹשָׁה בְּנֵי הָעֲנָק
טו אֶת־שֵׁשַׁי וְאֶת־אֲחִימַן וְאֶת־תַּלְמַי יְלִידֵי הָעֲנָק: וַיַּעַל
מִשָּׁם אֶל־יֹשְׁבֵי דְּבִר וְשֵׁם־דְּבִר לְפָנִים קִרְיַת־סֵפֶר:
16 וַיֹּאמֶר כָּלֵב אֲשֶׁר־יַכֶּה אֶת־קִרְיַת־סֵפֶר וּלְכָדָהּ וְנָתַתִּי לוֹ
17 אֶת־עַכְסָה בִתִּי לְאִשָּׁה: וַיִּלְכְּדָהּ עָתְנִיאֵל בֶּן־קְנַז אֲחִי
18 כָלֵב וַיִּתֶּן־לוֹ אֶת־עַכְסָה בִתּוֹ לְאִשָּׁה: וַיְהִי ׀ בְּבוֹאָהּ
וַתְּסִיתֵהוּ לִשְׁאוֹל מֵאֵת־אָבִיהָ שָׂדֶה וַתִּצְנַח מֵעַל הַחֲמוֹר
19 וַיֹּאמֶר־לָהּ כָּלֵב מַה־לָּךְ: וַתֹּאמֶר תְּנָה־לִּי בְרָכָה כִּי
אֶרֶץ הַנֶּגֶב נְתַתָּנִי וְנָתַתָּה לִי גֻּלֹּת מָיִם וַיִּתֶּן־לָהּ אֵת גֻּלֹּת
כ עִלִּיּוֹת וְאֵת גֻּלֹּת תַּחְתִּיּוֹת: זֹאת נַחֲלַת מַטֵּה בְנֵי־
21 יְהוּדָה לְמִשְׁפְּחֹתָם: וַיִּהְיוּ הֶעָרִים מִקְצֵה לְמַטֵּה בְנֵי־
יְהוּדָה אֶל־גְּבוּל אֱדוֹם בַּנֶּגְבָּה קַבְצְאֵל וְעֵדֶר וְיָגוּר:
22
23 וְקִינָה וְדִימוֹנָה וְעַדְעָדָה: וְקֶדֶשׁ וְחָצוֹר וְיִתְנָן: זִיף וָטֶלֶם
24
כה וּבְעָלוֹת: וְחָצוֹר ׀ חֲדַתָּה וּקְרִיּוֹת חֶצְרוֹן הִיא חָצוֹר:
26
27 אֲמָם וּשְׁמַע וּמוֹלָדָה: וַחֲצַר גַּדָּה וְחֶשְׁמוֹן וּבֵית פָּלֶט:
28
29 וַחֲצַר שׁוּעָל וּבְאֵר שֶׁבַע וּבִזְיוֹתְיָה: בַּעֲלָה וְעִיִּים וָעָצֶם:
ל
31 וְאֶלְתּוֹלַד וּכְסִיל וְחָרְמָה: וְצִקְלַג וּמַדְמַנָּה וְסַנְסַנָּה:
32 וּלְבָאוֹת וְשִׁלְחִים וְעַיִן וְרִמּוֹן כָּל־עָרִים עֶשְׂרִים וָתֵשַׁע
33
34 וְחַצְרֵיהֶן: בַּשְּׁפֵלָה אֶשְׁתָּאוֹל וְצָרְעָה וְאַשְׁנָה: וְזָנוֹחַ
לה וְעֵין גַּנִּים תַּפּוּחַ וְהָעֵינָם: יַרְמוּת וַעֲדֻלָּם שׂוֹכֹה וַעֲזֵקָה:

36 וְשַׁעֲרַיִם וַעֲדִיתַיִם וְהַגְּדֵרָה וּגְדֵרֹתָיִם עָרִים אַרְבַּע־עֶשְׂרֵה
37 38 וְחַצְרֵיהֶן: צְנָן וַחֲדָשָׁה וּמִגְדַּל־גָּד: וְדִלְעָן וְהַמִּצְפֶּה
39 מ וְיָקְתְאֵל: לָכִישׁ וּבָצְקַת וְעֶגְלוֹן: וְכַבּוֹן וְלַחְמָס וְכִתְלִישׁ:
41 וּגְדֵרוֹת בֵּית־דָּגוֹן וְנַעֲמָה וּמַקֵּדָה עָרִים שֵׁשׁ־עֶשְׂרֵה
42 43 וְחַצְרֵיהֶן: לִבְנָה וָעֶתֶר וְעָשָׁן: וְיִפְתָּח וְאַשְׁנָה וּנְצִיב:
44 וּקְעִילָה וְאַכְזִיב וּמָרֵאשָׁה עָרִים תֵּשַׁע וְחַצְרֵיהֶן:
מה 46 עֶקְרוֹן וּבְנֹתֶיהָ וַחֲצֵרֶיהָ: מֵעֶקְרוֹן וָיָמָּה כֹּל אֲשֶׁר־עַל־
47 יַד אַשְׁדּוֹד וְחַצְרֵיהֶן: אַשְׁדּוֹד בְּנוֹתֶיהָ וַחֲצֵרֶיהָ עַזָּה
בְּנוֹתֶיהָ וַחֲצֵרֶיהָ עַד־נַחַל מִצְרָיִם וְהַיָּם הַגָּבוֹל וּגְבוּל:
48 49 וּבָהָר שָׁמִיר וְיַתִּיר וְשׂוֹכֹה: וְדַנָּה וְקִרְיַת־סַנָּה הִיא דְבִר:
נ 51 וַעֲנָב וְאֶשְׁתְּמֹה וְעָנִים: וְגֹשֶׁן וְחֹלֹן וְגִלֹה עָרִים אַחַת־
52 53 עֶשְׂרֵה וְחַצְרֵיהֶן: אֲרַב וְדוּמָה וְאֶשְׁעָן: וְיָנִים וּבֵית־
64 תַּפּוּחַ וַאֲפֵקָה: וְחֻמְטָה וְקִרְיַת אַרְבַּע הִיא חֶבְרוֹן וְצִיעֹר
נה עָרִים תֵּשַׁע וְחַצְרֵיהֶן: מָעוֹן ׀ כַּרְמֶל וָזִיף וְיוּטָּה:
56 57 וְיִזְרְעֶאל וְיָקְדְעָם וְזָנוֹחַ: הַקַּיִן גִּבְעָה וְתִמְנָה עָרִים עֶשֶׂר
58 59 וְחַצְרֵיהֶן: חַלְחוּל בֵּית־צוּר וּגְדוֹר: וּמַעֲרָת וּבֵית־
ס עֲנוֹת וְאֶלְתְּקֹן עָרִים שֵׁשׁ וְחַצְרֵיהֶן: קִרְיַת־בַּעַל הִיא
61 קִרְיַת יְעָרִים וְהָרַבָּה עָרִים שְׁתָּיִם וְחַצְרֵיהֶן: בַּמִּדְבָּר
62 בֵּית הָעֲרָבָה מִדִּין וּסְכָכָה: וְהַנִּבְשָׁן וְעִיר־הַמֶּלַח וְעֵין גֶּדִי
63 עָרִים שֵׁשׁ וְחַצְרֵיהֶן: וְאֶת־הַיְבוּסִי יוֹשְׁבֵי יְרוּשָׁלַם לֹא־
יָכְלוּ בְנֵי־יְהוּדָה לְהוֹרִישָׁם וַיֵּשֶׁב הַיְבוּסִי אֶת־בְּנֵי יְהוּדָה
בִּירוּשָׁלַם עַד הַיּוֹם הַזֶּה:

טז

טז
א וַיֵּצֵא הַגּוֹרָל לִבְנֵי יוֹסֵף מִיַּרְדֵּן יְרִיחוֹ לְמֵי יְרִיחוֹ מִזְרָחָה
2 הַמִּדְבָּר עֹלֶה מִירִיחוֹ בָּהָר בֵּית־אֵל: וְיָצָא מִבֵּית־אֵל
3 לוּזָה וְעָבַר אֶל־גְּבוּל הָאַרְכִּי עֲטָרוֹת: וְיָרַד יָמָּה אֶל־
גְּבוּל הַיַּפְלֵטִי עַד־גְּבוּל בֵּית־חוֹרֹן תַּחְתּוֹן וְעַד־גָּזֶר וְהָיוּ

36 אוּנְד שַׁעֲרַיִם, אוּנְד עֲדִיתַיִם, אוּנְד הַגְּדֵרָה, אוּנְד גְּדֵרוֹתַיִם, פִירְצֶען שְׁטֶעט, אוּנְד זֵייעֶרֶע דֶערְפֶער: 37 צְנָן, אוּנְד חֲדָשָׁה, אוּנְד מִגְדַּל־גָד: 38 אוּנְד דִלְעָן, אוּנְד מִצְפֶּה, אוּנְד יָקְתְאֵל: 39 לָכִישׁ, אוּנְד בָּצְקַת, אוּנְד עֶגְלוֹן: 40 אוּנְד כַּבּוֹן, אוּנְד לַחְמָס, אוּנְד כִּתְלִישׁ: 41 אוּנְד גְּדֵרוֹת בֵּית־דָגוֹן, אוּנְד נַעֲמָה, אוּנְד מַקֵּדָה, זֶעכְצֶען שְׁטֶעט אוּנְד זֵייעֶרֶע דֶערְפֶער: 42 לִבְנָה, אוּנְד עֶתֶר, אוּנְד עָשָׁן: 43 אוּנְד יִפְתָּח אוּנְד אַשְׁנָה, אוּנְד נְצִיב: 44 אוּנְד קְעִילָה, אוּנְד אַכְזִיב, אוּנְד מָרֵאשָׁה, נַיין שְׁטֶעט אוּנְד זֵייעֶרֶע דֶערְפֶער: 45 עֶקְרוֹן אוּנְד אִיהְרֶע קְלֵיינֶע שְׁטֶעט אוּנְד אִיהְרֶע דֶערְפֶער: 46 פוּן עֶקְרוֹן אוּנְד אוֹיף מַעֲרָב־זֵייט, אַלֶעם וָואס אִיז גֶעוֶועזֶען אוֹיף דֶער זֵייט פוּן אַשְׁדּוֹד, אוּנְד זֵייעֶרֶע דֶערְפֶער: 47 אַשְׁדּוֹד מִיט אִיהְרֶע קְלֵיינֶע שְׁטֶעט אוּנְד אִיהְרֶע דֶערְפֶער; עַזָּה מִיט אִיהְרֶע קְלֵיינֶע שְׁטֶעט אוּנְד אִיהְרֶע דֶערְפֶער, בִּיז צוּ דֶעם טֵייךְ פוּן מִצְרַיִם, אוּנְד דָאס גְרוֹיסֶע יַם, אוּנְד דִיא גְרֶענֶעץ דָאפוּן: 48 אוּנְד אוֹיף דֶעם גֶעבִּירְג, שָׁמִיר אוּנְד יַתִּיר אוּנְד שׂוֹכֹה: 49 אוּנְד דַנָּה, אוּנְד קִרְיַת־סַנָּה, דָאס אִיז דְבִיר: 50 אוּנְד עֲנָב אוּנְד אֶשְׁתְּמֹה, אוּנְד עָנִים: 51 אוּנְד גּוֹשֶׁן, אוּנְד חוֹלוֹן, אוּנְד גִלוֹה, עֶלְף שְׁטֶעט אוּנְד זֵייעֶרֶע דֶערְפֶער: 52 אֲרָב, אוּנְד דוּמָה, אוּנְד אֶשְׁעָן: 53 אוּנְד יָנִים אוּנְד בֵּית תַּפּוּחַ, אוּנְד אֲפֵקָה: 54 אוּנְד חֻמְטָה, אוּנְד קִרְיַת אַרְבַּע, דָאס אִיז חֶבְרוֹן, אוּנְד צִיעוֹר, נַיין שְׁטֶעט אוּנְד זֵייעֶרֶע דֶערְפֶער: 55 מָעוֹן כַּרְמֶל, אוּנְד זִיף אוּנְד יוּטָּה: 56 אוּנְד יִזְרְעֶאל, אוּנְד יָקְדְעָם, אוּנְד זָנוֹחַ: 57 הַקַּיִן גִּבְעָה אוּנְד תִּמְנָה, צֶעהְן שְׁטֶעט אוּנְד זֵייעֶרֶע דֶערְפֶער: 58 חַלְחוּל בֵּית־צוּר, אוּנְד גְּדוֹר: 59 אוּנְד מַעֲרָת אוּנְד בֵּית־עֲנוֹת אוּנְד אֶלְתְּקוֹן, זֶעקְס שְׁטֶעט אוּנְד זֵייעֶרֶע דֶערְפֶער: 60 קִרְיַת־בַּעַל, דָאס אִיז קִרְיַת־יְעָרִים אוּנְד רַבָּה, צְוֵייא שְׁטֶעט אוּנְד זֵייעֶרֶע דֶערְפֶער: 61 אִין דֶער מִדְבָּר, בֵּית עֲרָבָה, מִדִין אוּנְד סְכָכָה: 62 אוּנְד נִבְשָׁן, אוּנְד דִיא זַאלְץ־שְׁטָאט, אוּנְד עֵין גֶּדִי, זֶעקְס שְׁטֶעט אוּנְד זֵייעֶרֶע דֶערְפֶער: 63 אוּנְד דִיא פוּן יְבוּסִי, דִיא אֵיינְוואוֹינֶער פוּן יְרוּשָׁלַם, דִיזֶע הָאבֶּען דִיא קִינְדֶער פוּן יְהוּדָה נִיט גֶעקֶענְט פֶערְטְרֵייבֶּען, נֵייעֶרְט דִיא פוּן יְבוּסִי וְואוֹינֶען מִיט דִיא קִינְדֶער פוּן יְהוּדָה אִין יְרוּשָׁלַם בִּיז צוּ דֶעם הֵיינְטִיגֶען טָאג:

## קאפיטעל טז

1 אוּנְד דָאס גּוֹרָל פַאר דִיא קִינְדֶער פוּן יוֹסֵף אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען פוּן יַרְדֵּן בֵּייא יְרִיחוֹ, צוּ דֶעם וַואסֶער פוּן יְרִיחוֹ, אַן דֶער מִזְרַח־זֵייט, צוּ דֶער מִדְבָּר וָואס גֵייט אַרוֹיף פוּן יְרִיחוֹ אִין דֶעם גֶעבִּירְג פוּן בֵּית־אֵל: 2 אוּנְד אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען פוּן בֵּית־אֵל קֵיין לוּז, אוּנְד אִיז אַרִיבֶּערְגֶעגַאנְגֶען צוּ דֶער גְרֶענֶעץ פוּן אַרְכִּי קֵיין עֲטָרוֹת: 3 אוּנְד אִיז אַרוּפְּגֶעגַאנְגֶען אַן דֶער מַעֲרָב־זֵייט צוּ דֶער גְרֶענֶעץ פוּן יַפְלֵטִי, בִּיז צוּ דֶער גְרֶענֶעץ פוּן בֵּית־חוֹרוֹן דֶעם אוּנְטֶערְשְׁטֶען, אוּנְד בִּיז גֶּזֶר,

אונד זיינע אויסגענג זענען בייא דעם
ים (אדער מערב־זייט): 4 אונד דיא
קינדער פון יוסף, מנשה אונד אפרים
האבען זייא געירש׳ת: 5 אונד עס איז
געוועזען דיא גרענעץ פון דיא קינדער
פון אפרים נאך זייערע משפחות; אונד
דיא גרענעץ פון זייער נחלה איז געווע־
זען אן דער מזרח־זייט פון עטרות אדר,
ביז קיין בית חורון דעם אויבערשטען:
6 אונד דיא גרענעץ איז ארויסגעגאנגען
בייא דעם ים קיין מכמתת פון צפון־זייט,
אונד דיא גרענעץ האט זיך ארומגערינג־
געלט אן דער מזרח־זייט צו תאנת שלוה,
אונד איז פערבייא געגאנגען אן דער
מזרח־זייט קיין ינוחה: 7 אונד איז
ארופגעגאנגען פון ינוחה קיין עטרות
אונד קיין נערתה, אונד האט איהם
בעגעגענט בייא יריחו, אונד איז ארויס־
געגאנגען בייא דעם ירדן: 8 פון תפוח
איז דיא גרענעץ ארויסגעגאנגען אן
דער מערב־זייט ביז צו דעם טייך קנה,
אונד זיינע אויסגענג זענען געוועזען
אויף דער מערב־זייט; דאס איז געווע־
זען דיא נחלה פון דעם שבט פון דיא
קינדער אפרים נאך זייערע משפחות:

תֹּצְאֹתָו יָמָּה׃ וַיִּנְחֲלוּ בְנֵי־יוֹסֵף מְנַשֶּׁה וְאֶפְרָיִם׃ וַיְהִי ד ה
גְּבוּל בְּנֵי־אֶפְרַיִם לְמִשְׁפְּחֹתָם וַיְהִי גְּבוּל נַחֲלָתָם מִזְרָחָה
עַטְרוֹת אַדָּר עַד־בֵּית חוֹרֹן עֶלְיוֹן׃ וְיָצָא הַגְּבוּל הַיָּמָּה ו
הַמִּכְמְתָת מִצָּפוֹן וְנָסַב הַגְּבוּל מִזְרָחָה תַּאֲנַת שִׁלֹה וְעָבַר
אוֹתוֹ מִמִּזְרַח יָנוֹחָה׃ וְיָרַד מִיָּנוֹחָה עֲטָרוֹת וְנַעֲרָתָה וּפָגַע ז
בִּירִיחוֹ וְיָצָא הַיַּרְדֵּן׃ מִתַּפּוּחַ יֵלֵךְ הַגְּבוּל יָמָּה נַחַל קָנָה ח
וְהָיוּ תֹצְאֹתָיו הַיָּמָּה זֹאת נַחֲלַת מַטֵּה בְנֵי־אֶפְרַיִם
לְמִשְׁפְּחֹתָם׃ וְהֶעָרִים הַמִּבְדָּלוֹת לִבְנֵי אֶפְרַיִם בְּתוֹךְ ט
נַחֲלַת בְּנֵי־מְנַשֶּׁה כָּל־הֶעָרִים וְחַצְרֵיהֶן׃ וְלֹא הוֹרִישׁוּ אֶת־ י
הַכְּנַעֲנִי הַיּוֹשֵׁב בְּגָזֶר וַיֵּשֶׁב הַכְּנַעֲנִי בְּקֶרֶב אֶפְרַיִם עַד־
הַיּוֹם הַזֶּה וַיְהִי לְמַס־עֹבֵד׃

יז

וַיְהִי הַגּוֹרָל לְמַטֵּה מְנַשֶּׁה כִּי־הוּא בְּכוֹר יוֹסֵף לְמָכִיר א
בְּכוֹר מְנַשֶּׁה אֲבִי הַגִּלְעָד כִּי הוּא הָיָה אִישׁ מִלְחָמָה
וַיְהִי־לוֹ הַגִּלְעָד וְהַבָּשָׁן׃ וַיְהִי לִבְנֵי מְנַשֶּׁה הַנּוֹתָרִים ב
לְמִשְׁפְּחֹתָם לִבְנֵי אֲבִיעֶזֶר וְלִבְנֵי־חֵלֶק וְלִבְנֵי אַשְׂרִיאֵל
וְלִבְנֵי־שֶׁכֶם וְלִבְנֵי־חֵפֶר וְלִבְנֵי שְׁמִידָע אֵלֶּה בְּנֵי מְנַשֶּׁה
בֶּן־יוֹסֵף הַזְּכָרִים לְמִשְׁפְּחֹתָם׃ וְלִצְלָפְחָד בֶּן־חֵפֶר בֶּן־ ג
גִּלְעָד בֶּן־מָכִיר בֶּן־מְנַשֶּׁה לֹא־הָיוּ לוֹ בָּנִים כִּי אִם־בָּנוֹת
וְאֵלֶּה שְׁמוֹת בְּנֹתָיו מַחְלָה וְנֹעָה חָגְלָה מִלְכָּה וְתִרְצָה׃
וַתִּקְרַבְנָה לִפְנֵי אֶלְעָזָר הַכֹּהֵן וְלִפְנֵי יְהוֹשֻׁעַ בִּן־נוּן וְלִפְנֵי ד
הַנְּשִׂיאִים לֵאמֹר יְהוָה צִוָּה אֶת־מֹשֶׁה לָתֶת־לָנוּ נַחֲלָה
בְּתוֹךְ אַחֵינוּ וַיִּתֵּן לָהֶם אֶל־פִּי יְהוָה נַחֲלָה בְּתוֹךְ אֲחֵי
אֲבִיהֶן׃ וַיִּפְּלוּ חַבְלֵי־מְנַשֶּׁה עֲשָׂרָה לְבַד מֵאֶרֶץ הַגִּלְעָד ה
וְהַבָּשָׁן אֲשֶׁר מֵעֵבֶר לַיַּרְדֵּן׃ כִּי בְּנוֹת מְנַשֶּׁה נָחֲלוּ נַחֲלָה ו
בְּתוֹךְ בָּנָיו וְאֶרֶץ הַגִּלְעָד הָיְתָה לִבְנֵי־מְנַשֶּׁה הַנּוֹתָרִים׃
וַיְהִי גְבוּל־מְנַשֶּׁה מֵאָשֵׁר הַמִּכְמְתָת אֲשֶׁר עַל־פְּנֵי שְׁכֶם ז

9 אונד דיא אפגעזונדערטע שטעט (זענען געוועזען) צו דיא קינדער פון אפרים
צווישען דער נחלה פון דיא קינדער פון מנשה, אלע שטעט אונד זייערע דערפער:
10 אונד זייא האבען ניט פערטריבען דיא כנענים וואס האבען געוואוינט אין גזר,
נייערט דיא כנענים האבען געוואוינט צווישען אפרים ביז צו דעם היינטיגען טאג,
אונד איז געווארען א צינז־קנעכט:

## קאפיטעל יז

1 אונד עס איז אויך געוועזען א גורל צו דעם שבט מנשה, ווארין ער איז געוועזען
דער בכור פון יוסף, צו מכיר דער בכור פון מנשה, פאטער פון גלעד; ווארין ער איז
געוועזען א בעל מלחמה, דארום האט ער געהאט גלעד אונד בשן: 2 אונד עס איז
(אויך) געוועזען (א גורל) צו דיא איבריגע זיהן פון מנשה נאך זייערע משפחות; צו
דיא קינדער פון אביעזר, אונד צו דיא קינדער פון חלק, אונד צו דיא קינדער פון
אשריאל, אונד צו דיא קינדער פון שכם, אונד צו דיא קינדער פון חפר, אונד צו דיא
קינדער פון שמידע, דאס זענען דיא קינדער פון מנשה זוהן יוסף, דיא זכרים נאך זייערע
משפחות: 3 אונד צו צלפחד, זוהן פון חפר, זוהן פון גלעד, זוהן פון מכיר, זוהן פון
מנשה, זענען ניט געוועזען קיינע זיהן, נאר טעכטער; אונד דאס זענען דיא נעמען
פון זיינע טעכטער, מחלה אונד נועה, חגלה, מלכה אונד תרצה: 4 אונד זייא האבען
זיך גענעהנט פאר אלעזר הכהן, אונד פאר יהושע זוהן פון נון, אונד פאר דיא
נשיאים, אזוי צו זאגען, גאט האט געבאטען דעם משה צו אונס צו געבען א נחלה
צווישען אונזערע ברידער, אונד ער (יהושע) האט צו זייא געגעבען נאך דעם בעפעל
פון גאט א נחלה צווישען דיא ברידער פון זייער פאטער: 5 אונד עס איז
אויסגעפאלען צו מנשה צעהן גורלות, חוץ פון דעם לאנד גלעד אונד בשן
וואס איז אויף יענער זייט פון דעם ירדן: 6 ווארין דיא טעכטער פון מנשה
האבען אויך געהאט א נחלה צווישען זיינע זיהן, אונד דאס לאנד גלעד איז
געוועזען צו דיא איבריגע קינדער פון מנשה: 7 אונד עס איז געוועזען
דיא גרענעץ פון מנשה, פון אשר (ביז) קיין מכמתת, וואס איז פאר שכם;

8 הָלַךְ הַגְּבוּל אֶל־הַיָּמִין אֶל־יֹשְׁבֵי עֵין תַּפּוּחַ׃ לִמְנַשֶּׁה
הָיְתָה אֶרֶץ תַּפּוּחַ וְתַפּוּחַ אֶל־גְּבוּל מְנַשֶּׁה לִבְנֵי אֶפְרָיִם׃
9 וְיָרַד הַגְּבוּל נַחַל קָנָה נֶגְבָּה לַנַּחַל עָרִים הָאֵלֶּה לְאֶפְרַיִם
בְּתוֹךְ עָרֵי מְנַשֶּׁה וּגְבוּל מְנַשֶּׁה מִצְּפוֹן לַנַּחַל וַיְהִי תֹצְאֹתָיו
י הַיָּמָּה׃ נֶגְבָּה לְאֶפְרַיִם וְצָפוֹנָה לִמְנַשֶּׁה וַיְהִי הַיָּם גְּבוּלוֹ
11 וּבְאָשֵׁר יִפְגְּעוּן מִצָּפוֹן וּבְיִשָּׂשכָר מִמִּזְרָח׃ וַיְהִי לִמְנַשֶּׁה
בְּיִשָּׂשכָר וּבְאָשֵׁר בֵּית־שְׁאָן וּבְנוֹתֶיהָ וְיִבְלְעָם וּבְנוֹתֶיהָ
וְאֶת־יֹשְׁבֵי דֹאר וּבְנוֹתֶיהָ וְיֹשְׁבֵי עֵין־דֹּר וּבְנֹתֶיהָ וְיֹשְׁבֵי
תַעְנַךְ וּבְנֹתֶיהָ וְיֹשְׁבֵי מְגִדּוֹ וּבְנוֹתֶיהָ שְׁלֹשֶׁת הַנָּפֶת׃
12 וְלֹא יָכְלוּ בְּנֵי מְנַשֶּׁה לְהוֹרִישׁ אֶת־הֶעָרִים הָאֵלֶּה וַיּוֹאֶל
13 הַכְּנַעֲנִי לָשֶׁבֶת בָּאָרֶץ הַזֹּאת׃ וַיְהִי כִּי חָזְקוּ בְּנֵי יִשְׂרָאֵל
14 וַיִּתְּנוּ אֶת־הַכְּנַעֲנִי לָמַס וְהוֹרֵשׁ לֹא הוֹרִישׁוֹ׃ וַיְדַבְּרוּ
בְּנֵי יוֹסֵף אֶת־יְהוֹשֻׁעַ לֵאמֹר מַדּוּעַ נָתַתָּה לִּי נַחֲלָה גּוֹרָל
אֶחָד וְחֶבֶל אֶחָד וַאֲנִי עַם־רָב עַד אֲשֶׁר־עַד־כֹּה בֵּרְכַנִי
טו יְהוָה׃ וַיֹּאמֶר אֲלֵיהֶם יְהוֹשֻׁעַ אִם־עַם־רַב אַתָּה עֲלֵה
לְךָ הַיַּעְרָה וּבֵרֵאתָ לְךָ שָׁם בְּאֶרֶץ הַפְּרִזִּי וְהָרְפָאִים
16 כִּי־אָץ לְךָ הַר־אֶפְרָיִם׃ וַיֹּאמְרוּ בְּנֵי יוֹסֵף לֹא־יִמָּצֵא לָנוּ
הָהָר וְרֶכֶב בַּרְזֶל בְּכָל־הַכְּנַעֲנִי הַיֹּשֵׁב בְּאֶרֶץ־הָעֵמֶק
לַאֲשֶׁר בְּבֵית־שְׁאָן וּבְנוֹתֶיהָ וְלַאֲשֶׁר בְּעֵמֶק יִזְרְעֶאל׃
17 וַיֹּאמֶר יְהוֹשֻׁעַ אֶל־בֵּית יוֹסֵף לְאֶפְרַיִם וְלִמְנַשֶּׁה לֵאמֹר
עַם־רַב אַתָּה וְכֹחַ גָּדוֹל לָךְ לֹא־יִהְיֶה לְךָ גּוֹרָל אֶחָד׃
18 כִּי הַר יִהְיֶה־לָּךְ כִּי־יַעַר הוּא וּבֵרֵאתוֹ וְהָיָה לְךָ תֹּצְאֹתָיו
כִּי־תוֹרִישׁ אֶת־הַכְּנַעֲנִי כִּי רֶכֶב בַּרְזֶל לוֹ כִּי חָזָק הוּא׃

יח

א וַיִּקָּהֲלוּ כָּל־עֲדַת בְּנֵי־יִשְׂרָאֵל שִׁלֹה וַיַּשְׁכִּינוּ שָׁם אֶת־
2 אֹהֶל מוֹעֵד וְהָאָרֶץ נִכְבְּשָׁה לִפְנֵיהֶם׃ וַיִּוָּתְרוּ בִּבְנֵי
יִשְׂרָאֵל אֲשֶׁר לֹא־חָלְקוּ אֶת־נַחֲלָתָם שִׁבְעָה שְׁבָטִים׃

אונד דיא גרענעץ איז געגאנגען צו דער רעכטער זייט בייא דיא בעוואוינער פון עין תפוח: 8 דאס לאנד תפוח האט געהערט צו מנשה, אונד תפוח אן דער גרענעץ פון מנשה האט געהערט צו דיא קינדער פון אפרים: 9 אונד דיא גרענעץ איז אריבערגעגאנגען צו דעם טייך קנה אן דער דרום־זייט פון דעם טייך, דיזע שטעט האבען געהערט צו אפרים צווישען דיא שטעט פון מנשה, אונד דיא גרענעץ פון מנשה איז געוועזען פון צפון־זייט פון דעם טייך, אונד זיינע אויסגענג זענען געוועזען ביז צו דעם ים: 10 דיא דרום־זייט האט געהערט צו אפרים אונד דיא צפון־זייט צו מנשה, אונד דאס ים איז געוועזען זיינע גרענעץ, אונד אין דער צפון־זייט האבען זייא צוזאמען געטראפען מיט אשר, אונד אין דער מזרח־זייט מיט יששכר: 11 אונד עס איז געוועזען צו מנשה אין יששכר אונד אין אשר בית־שאן, אונד איהרע דערפער, אונד יבלעם אונד איהרע דערפער, אונד דיא בעוואוינער פון דאר אונד איהרע דערפער, אונד דיא בעוואוינער פון עין־דר אונד איהרע דערפער, אונד דיא בעוואוינער פון תענך אונד איהרע דערפער, אונד דיא בעוואוינער פון מגדו אונד איהרע דערפער, דרייא הויכע שטעט: 12 אונד דיא זיהן פון מנשה האבען ניט געקאנט איינגעמען דיא דאזיגע שטעט, אונד דער כנעני האט געוואלט בלייבען אין דעם דאזיגען לאנד: 13 אונד עס איז געוועזען ווען דיא קינדער ישראל האבען זיך געשטארקט, האבען זייא געמאכט דעם כנעני מס געבען, אבער זייא האבען איהם ניט גאנץ פערטריבען: 14 אונד דיא קינדער פון יוסף האבען גערעט צו יהושע, אזוי צו זאגען, פארוואס האסט דוא מיר אלס ירושה (נחלה) איין גורל אונד איין נחלה געגעבען, אונד איך בין א גרויס פאלק? ביז דא אהער האט מיך גאט געבענשט: 15 אונד יהושע האט צו זייא געזאגט, ווען דוא ביזט א גרויס פאלק אזוי גייא ארויף אין וואלד אריין, אונד שנייד דיר דארט אפ אין דעם לאנד פון דעם פרזי, אונד פון דיא ריזען, ווייל עס איז דיר ענג אין דעם געבירג פון אפרים: 16 אונד דיא קינדער פון יוסף האבען געזאגט, דאס געבירג וועט ניט גענוג זיין פאר אונס, אייזערנע רייט־וועגען זענען פארהאנדען צו אלע כנענים וואס וואוינען אין דעם לאנד פון דעם טהאל, אונד צו דיא וואס זענען אין בית־שאן אונד איהרע דערפער, אונד צו דיא וואס זענען אין דעם טהאל פון יזרעאל: 17 אונד יהושע האט געזאגט צו דעם הויזגעזינד פון יוסף, צו אפרים אונד צו מנשה, אזוי צו זאגען, דוא ביזט א גרויס פאלק, אבער דוא האסט א גרויסען כח, לאז ניט צו דיר זיין איין גורל: 18 נייערט דאס געבירג זאל זיין צו דיר, ווייל עס איז א וואלד אזוי שנייד איהם אפ, אונד זיינע אויסגענגע זאלען צו דיר געהערען, וואָרין דוא וועסט פערטרייבען דעם כנעני, חאטשע ער האט אייזערנע רייט־וועגען--חאטשע ער איז שטארק:

## קאפיטעל יח

1 אונד דיא גאנצע געמיינדע פון דיא קינדער ישראל האבען זיך פערזאמעלט אין שלה, אונד זייא האבען דארט אויפגעשטעלט דאס אהל מועד, אונד דאס לאנד איז פאר זייא אונטערטעניג געווארען: 2 אונד עס איז איבערגעבליבען אונטער דיא קינדער ישראל זיבען שבטים, צו וועלכע מען האט ניט אויסגעטיילט זייער נחלה:

אונד

3 ויאמר יהושע אל־בני ישראל עד־אנה אתם מתרפים
לבוא לרשת את־הארץ אשר נתן לכם יהוה אלהי
4 אבותיכם: הבו לכם שלשה אנשים לשבט ואשלחם
ויקמו ויתהלכו בארץ ויכתבו אותה לפי נחלתם ויבאו
ה אלי: והתחלקו אתה לשבעה חלקים יהודה יעמד
על־גבולו מנגב ובית יוסף יעמדו על־גבולם מצפון:
ו ואתם תכתבו את־הארץ שבעה חלקים והבאתם אלי
ז הנה ויריתי לכם גורל פה לפני יהוה אלהינו: כי אין
חלק ללוים בקרבכם כי־כהנת יהוה נחלתו וגד וראובן
וחצי שבט המנשה לקחו נחלתם מעבר לירדן מזרחה
8 אשר נתן להם משה עבד יהוה: ויקמו האנשים וילכו
ויצו יהושע את־ההלכים לכתב את־הארץ לאמר לכו
והתהלכו בארץ וכתבו אותה ושובו אלי ופה אשליך
ט לכם גורל לפני יהוה בשלה: וילכו האנשים ויעברו
בארץ ויכתבוה לערים לשבעה חלקים על־ספר ויבאו
י אל־יהושע אל־המחנה שלה: וישלך להם יהושע גורל
בשלה לפני יהוה ויחלק־שם יהושע את־הארץ לבני
יא ישראל כמחלקתם: ויעל גורל מטה בני־בנימן
למשפחתם ויצא גבול גורלם בין בני יהודה ובין בני
12 יוסף: ויהי להם הגבול לפאת צפונה מן־הירדן ועלה
הגבול אל־כתף יריחו מצפון ועלה בהר ימה והיה
13 תצאתיו מדברה בית און: ועבר משם הגבול לוזה
אל־כתף לוזה נגבה היא בית־אל וירד הגבול עטרות
14 אדר על־ההר אשר מנגב לבית־חרון תחתון: ותאר
הגבול ונסב לפאת־ים נגבה מן־ההר אשר על־פני
בית־חרון נגבה והיה תצאתיו אל־קרית־בעל היא
טו קרית יערים עיר בני יהודה זאת פאת־ים: ופאת־נגבה

3 און יהושע האט געזאגט צו די קינדער ישראל; ביז וויא לאנג נאך וועט איהר אייך פוילען אריינצוקומען צו ירשנ'ן דאס לאנד, וואס דער האר, דער גאט פון אייערע פעטער האט צו אייך געגעבען: 4 גיבט צו אייך דריי מענער פון (איטליכען) שבט, און איך וועל זייא אויסשיקען, און זייא זאלען אויפשטיין און דורכגיין דורך דאס לאנד, און זייא זאלען עס אויפשרייבען נאך זייערע נחלה נאך, און זאלען צו מיר קומען: 5 און זייא זאלען עס צוטיילען אין זיבען חלקים, יהודה זאל בלייבען אויף זיינע גרענעץ פון דרום־זייט, און דאס הויזגעזינד פון יוסף זאלען בלייבען אויף זייערע גרענעץ פון צפון־זייט: 6 און איהר זאלט דאס לאנד פערשרייבען אויף זיבען חלקים, און איהר זאלט עס צו מיר אהער ברענגען, און איך וועל פאר אייך היער דאס גורל ווארפען פאר דעם האר אונזער גאט: 7 ווארין די לוים האבען ניט קיין חלק צווישען אייך, ווייל די כהנה פון גאט איז זיין נחלה, און גד, און ראובן, און דער האלבער שבט פון מנשה האבען גענומען זייער נחלה אויף יענער זייט פון ירדן, אויף דער מזרח־זייט, וואס משה, דער קנעכט פון גאט האט צו זייא געגעבען: 8 אזוי זענען די מענער אויפגעשטאנען און זענען געגאנגען, און יהושע האט געבאטען צו די וואס זענען געגאנגען אויפצושרייבען דאס לאנד, און האט געזאגט, קומט, און גייט דורך דאס לאנד און שרייבט עס אויף, און קומט צוריק צו מיר, און איך וועל היער פאר אייך גורל ווארפען פאר גאט אין שלה; 9 אזוי זענען די מענער געגאנגען און זענען איבערגעפארען דורך דאס לאנד און האבען עס פערשריבען אין א בוך נאך די שטעט, צו זיבען חלקים, און זייא זענען געקומען צו יהושע אין דער מחנה, קיין שלה: 10 און יהושע האט פאר זייא גורל געווארפען אין שלה, פאר גאט; און יהושע האט דארטען צוטיילט דאס לאנד צו די קינדער ישראל נאך זייערע צוטיילונג: 11 און דאס גורל פאר דעם שבט פון די קינדער בנימן איז ארויסגעגאנגען נאך זייערע משפחה, און די גרענעץ פון זייער גורל איז ארויסגעגאנגען צווישען די קינדער יהודה און צווישען די קינדער יוסף: 12 און זייערע גרענעץ איז געוועזען אן דער צפון־זייט פון דעם ירדן, און די גרענעץ איז ארויפגעגאנגען אן דער צפון־זייט פון יריחו, און איז ארויפגעגאנגען אויף דעם בארג קעגען מערב־זייט, און זיינע אויסגענגע זענען געוועזען צו דער מדבר פון בית און: 13 און די גרענעץ איז פון דארטען אריבערגעגאנגען קיין לוז קעגען דרום־זייט, דאס איז בית אל, און די גרענעץ איז ארופגעגאנגען קיין עטרות אדר אויף דעם בארג וואס איז פון דרום־זייט פון דעם הינטערשטען בית־חורון: 14 און די גרענעץ האט זיך געצויגען און ארומגערינגעלט צו דעם עק פון ים, אן דער דרום־זייט פון דעם בארג, וואס איז פאר בית־חורון, און זיינע אויסגענג אן דער דרום־זייט ביי קרית־בעל, דאס איז קרית יערים, די שטעט פון די קינדער יהודה, דאס איז דאס עק פון מערב־זייט: 15 און די דרום־זייט איז געוועזען

מִקְצֵה קִרְיַת יְעָרִים וְיָצָא הַגְּבוּל יָמָּה וְיָצָא אֶל־מַעְיַן מֵי
16 נֶפְתּוֹחַ׃ וְיָרַד הַגְּבוּל אֶל־קְצֵה הָהָר אֲשֶׁר עַל־פְּנֵי גֵּי
בֶן־הִנֹּם אֲשֶׁר בְּעֵמֶק רְפָאִים צָפוֹנָה וְיָרַד גֵּי הִנֹּם
17 אֶל־כֶּתֶף הַיְבוּסִי נֶגְבָּה וְיָרַד עֵין רֹגֵל׃ וְתָאַר מִצָּפוֹן
וְיָצָא עֵין שֶׁמֶשׁ וְיָצָא אֶל־גְּלִילוֹת אֲשֶׁר־נֹכַח מַעֲלֵה
18 אֲדֻמִּים וְיָרַד אֶבֶן בֹּהַן בֶּן־רְאוּבֵן׃ וְעָבַר אֶל־כֶּתֶף מוּל־
19 הָעֲרָבָה צָפוֹנָה וְיָרַד הָעֲרָבָתָה׃ וְעָבַר הַגְּבוּל אֶל־
כֶּתֶף בֵּית־חָגְלָה צָפוֹנָה וְהָיָה ׀ תֹּצְאוֹתָיו הַגְּבוּל אֶל־
לְשׁוֹן יָם־הַמֶּלַח צָפוֹנָה אֶל־קְצֵה הַיַּרְדֵּן נֶגְבָּה זֶה גְּבוּל
כ נֶגֶב׃ וְהַיַּרְדֵּן יִגְבֹּל־אֹתוֹ לִפְאַת־קֵדְמָה זֹאת נַחֲלַת בְּנֵי
21 בִנְיָמִן לִגְבוּלֹתֶיהָ סָבִיב לְמִשְׁפְּחֹתָם׃ וְהָיוּ הֶעָרִים לְמַטֵּה
בְּנֵי בִנְיָמִן לְמִשְׁפְּחוֹתֵיהֶם יְרִיחוֹ וּבֵית־חָגְלָה וְעֵמֶק
22 23 קְצִיץ׃ וּבֵית הָעֲרָבָה וּצְמָרַיִם וּבֵית־אֵל׃ וְהָעַוִּים
24 וְהַפָּרָה וְעָפְרָה׃ וּכְפַר הָעַמֹּנִי וְהָעָפְנִי וָגָבַע עָרִים
כה 26 שְׁתֵּים־עֶשְׂרֵה וְחַצְרֵיהֶן׃ גִּבְעוֹן וְהָרָמָה וּבְאֵרוֹת׃ וְהַמִּצְפֶּה
27 28 וְהַכְּפִירָה וְהַמֹּצָה׃ וְרֶקֶם וְיִרְפְּאֵל וְתַרְאֲלָה׃ וְצֵלַע הָאֶלֶף
וְהַיְבוּסִי הִיא יְרוּשָׁלִַם גִּבְעַת קִרְיַת עָרִים אַרְבַּע־עֶשְׂרֵה
וְחַצְרֵיהֶן זֹאת נַחֲלַת בְּנֵי־בִנְיָמִן לְמִשְׁפְּחֹתָם׃

יט

יט

א וַיֵּצֵא הַגּוֹרָל הַשֵּׁנִי לְשִׁמְעוֹן לְמַטֵּה בְנֵי־שִׁמְעוֹן לְמִשְׁפְּחוֹתָם
2 וַיְהִי נַחֲלָתָם בְּתוֹךְ נַחֲלַת בְּנֵי־יְהוּדָה׃ וַיְהִי לָהֶם
3 בְּנַחֲלָתָם בְּאֵר־שֶׁבַע וְשֶׁבַע וּמוֹלָדָה׃ וַחֲצַר שׁוּעָל
4 ה וּבָלָה וָעָצֶם׃ וְאֶלְתּוֹלַד וּבְתוּל וְחָרְמָה׃ וְצִקְלַג וּבֵית־
6 הַמַּרְכָּבוֹת וַחֲצַר סוּסָה׃ וּבֵית לְבָאוֹת וְשָׁרוּחֶן עָרִים
7 שְׁלֹשׁ־עֶשְׂרֵה וְחַצְרֵיהֶן׃ עַיִן רִמּוֹן וָעֶתֶר וְעָשָׁן עָרִים
8 אַרְבַּע וְחַצְרֵיהֶן׃ וְכָל־הַחֲצֵרִים אֲשֶׁר סְבִיבוֹת הֶעָרִים
הָאֵלֶּה עַד־בַּעֲלַת בְּאֵר רָאמַת נֶגֶב זֹאת נַחֲלַת מַטֵּה בְנֵי־

פוּן דֶעם עֶק פוּן קִרְיַת יְעָרִים, אוּנְד דִיא גְרֶענְעֶץ אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען צוּ דֶעם יָם, אוּנְד אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען צוּ דֶער וַואסֶער קְוֶועל נֶפְתּוֹחַ׃ 16 אוּנְד דִיא גְרֶענְעֶץ אִיז אַרוּפְּגֶעגַאנְגֶען צוּ דֶעם עֶק פוּן דֶעם גֶעבֶּערְג וָואס אִיז פָאר דֶעם טְהָאל בֶּן־הִנֹּם, וָואס אִיז אִין דֶעם טְהָאל רְפָאִים אַן דֶער צָפוֹן־זֵייט, אוּנְד אִיז אַרוּפְּגֶעגַאנְגֶען פוּן גֵי הִנֹּם צוּ דֶער דָרוֹם־זֵייט פוּן דֶעם יְבוּסִי, אוּנְד אִיז אַרוּפְּגֶעגַאנְגֶען קֵיין עֵין רוֹגֵל׃ 17 אוּנְד הָאט זִיךְ גֶעצוֹיגֶען פוּן דֶער צָפוֹן־זֵייט אוּנְד אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען קֵיין עֵין שֶׁמֶשׁ, אוּנְד אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען צוּ גְלִילוֹת וָואס אִיז קֶעגֶען אִיבֶּער דֶעם אַרוֹיפְגֵיין פוּן אֲדֻמִּים; אוּנְד אִיז אַרוּנְטֶערְגֶעגַאנְגֶען צוּ דֶעם שְׁטֵיין בּוֹהַן, וָואס גֶעהֶערְט צוּ דֶעם זוּהְן פוּן רְאוּבֵן׃ 18 אוּנְד אִיז אַרִיבֶּערְגֶעגַאנְגֶען צוּ דֶער זֵייט קֶעגֶענְאִיבֶּער דֶעם פְּלוֹין פוּן דֶער צָפוֹן־זֵייט, אוּנְד אִיז אַרוּנְטֶערְגֶעגַאנְגֶען קֵיין עֲרָבָה׃ 19 אוּנְד דִיא גְרֶענְעֶץ אִיז אַרִיבֶּערְגֶעגַאנְגֶען צוּ דֶער זֵייט פוּן בֵּית־חָגְלָה אַן דֶער צָפוֹן־זֵייט, אוּנְד דִיא אוֹיסְגֶענְג פוּן דִיא גְרֶענְעֶץ זֶענֶען גֶעוֶועזֶען צוּ דֶער צוּנְג פוּן דֶעם יָם־הַמֶּלַח, אַן דֶער צָפוֹן־זֵייט, אַן דֶעם עֶק פוּן יַרְדֵן אַן דֶער דָרוֹם־זֵייט, דָאס אִיז דִיא דָרוֹם־זֵייט גְרֶענְעֶץ׃ 20 אָבֶּער דֶער יַרְדֵן הָאט עֶס גֶעגְרֶענְעֶצְט אַן דֶער מִזְרָח־זֵייט; דָאס אִיז דִיא נַחֲלָה פוּן דִיא קִינְדֶער בִּנְיָמִן, נָאךְ זֵיירֶע גְרֶענְעֶצֶען רִינְגְס אַרוּם, נָאךְ זֵיירֶע מִשְׁפָּחוֹת׃ 21 אוּנְד דִיא שְׁטֶעט פוּן דֶעם שֵׁבֶט פוּן דִיא קִינְדֶער בִּנְיָמִן זֶענֶען גֶעוֶועזֶען נָאךְ זֵיירֶע מִשְׁפָּחוֹת, יְרִיחוֹ אוּנְד בֵּית־חָגְלָה, אוּנְד עֵמֶק קְצִיץ׃ 22 אוּנְד בֵּית עֲרָבָה, אוּנְד צְמָרַיִם, אוּנְד בֵּית־אֵל׃ 23 אוּנְד עַוִּים, אוּנְד פָּרָה אוּנְד עָפְרָה׃ 24 אוּנְד כְּפַר עַמּוֹנִי, אוּנְד עָפְנִי, אוּנְד גָבַע, צְוֶועלְף שְׁטֶעט אוּנְד זֵיירֶע דֶערְפֶער׃ 25 גִבְעוֹן, אוּנְד רָמָה, אוּנְד בְּאֵרוֹת׃ 26 אוּנְד מִצְפֶּה, אוּנְד כְּפִירָה, אוּנְד מוֹצָה׃ 27 אוּנְד רֶקֶם, אוּנְד יִרְפְּאֵל, אוּנְד תַּרְאֲלָה׃ 28 אוּנְד צֵלַע אֶלֶף, אוּנְד יְבוּסִי, דָאס אִיז יְרוּשָׁלַיִם, גִבְעַת, קִרְיַת; פִירְצֶעהְן שְׁטֶעט אוּנְד זֵיירֶע דֶערְפֶער; דָאס אִיז גֶעוֶועזֶען דִיא נַחֲלָה פוּן דִיא קִינְדֶער פוּן בִּנְיָמִן נָאךְ זֵיירֶע מִשְׁפָּחוֹת׃

## קאפיטעל יט

1 אוּנְד דָאס צְוֵוייטֶע גוֹרָל אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען צוּ שִׁמְעוֹן, פַאר דֶעם שֵׁבֶט פוּן דִיא קִינְדֶער פוּן שִׁמְעוֹן נָאךְ זֵיירֶע מִשְׁפָּחוֹת, אוּנְד זֵייעֶר נַחֲלָה אִיז גֶעוֶועזֶען צְוִוישֶׁען דִיא נַחֲלָה פוּן דִיא קִינְדֶער פוּן יְהוּדָה׃ 2 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען צוּ זֵייא אִין זֵייעֶר נַחֲלָה, בְּאֵר־שֶׁבַע, אוּנְד שֶׁבַע, אוּנְד מוֹלָדָה׃ 3 אוּנְד חֲצַר שׁוּעָל, אוּנְד בָלָה, אוּנְד עָצֶם׃ 4 אוּנְד אֶלְתּוֹלַד, אוּנְד בְּתוּל, אוּנְד חָרְמָה׃ 5 אוּנְד צִקְלַג, אוּנְד בֵּית־מַרְכָּבוֹת, אוּנְד חֲצַר סוּסָה׃ 6 אוּנְד בֵּית לְבָאוֹת, אוּנְד שָׁרוּחֶן, דְרֵייצֶעהְן שְׁטֶעט אוּנְד זֵיירֶע דֶערְפֶער׃ 7 עַיִן, רִמּוֹן, אוּנְד עֶתֶר, אוּנְד עָשָׁן, פִיעֶר שְׁטֶעט אוּנְד זֵיירֶע דֶערְפֶער׃ 8 אוּנְד אַלֶע דֶערְפֶער וָואס זֶענֶען גֶעוֶועזֶען רִינְגְס אַרוּם פוּן דִיזֶע שְׁטֶעט, בִּיז קֵיין בַּעֲלַת בְּאֵר, דִיא הוֹיךְ פוּן דָרוֹם־זֵייט, דָאס אִיז דִיא נַחֲלָה פוּן דֶעם שֵׁבֶט פוּן דִיא קִינְדֶער

פוּן

פוּן שִׁמְעוֹן, נָאךְ זֵייעֶרע מִשְׁפָּחוֹת: 9 פוּן
דֶער שְׁנוּר פוּן דִיא קִינְדֶער פוּן יְהוּדָה
אִיז דִיא נַחֲלָה דֶער קִינְדֶער פוּן שִׁמְעוֹן,
וָוארִין דָאס חֵלֶק פוּן דִיא קִינְדֶער יְהוּדָה
אִיז צוּ פִיל גֶעוֶועזֶען פַאר זֵייא; אַזוֹי
הָאבֶּען דִיא קִינְדֶער פוּן שִׁמְעוֹן גֶעיַרְשׁ׳ת
צְווִישֶׁען זֵייעֶר נַחֲלָה: 10 אוּנְד דָאס
דְרִיטֶע גוֹרָל אִיז אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען פַאר
דִיא קִינְדֶער פוּן זְבוּלֻן, נָאךְ זֵייעֶרע
מִשְׁפָּחוֹת; אוּנְד דִיא גְרֶענֶעץ פוּן זֵייעֶר
נַחֲלָה אִיז גֶעוֶועזֶען בִּיז קֵיין שָׂרִיד:
11 אוּנְד זֵייעֶרע גְרֶענֶעץ אִיז אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען
צוּר מַעֲרָב (אָדֶער יָם) זֵייט, אוּנְד מַרְעֲלָה,
אוּנְד הָאט אָנְגֶעטְרָאפֶען אִין דַבָּשֶׁת, אוּנְד
הָאט (אוֹיךְ) אָנְגֶעטְרָאפֶען אִין דֶעם טְהָאל
וָואס אִיז פָאר יָקְנְעָם: 12 אוּנְד אִיז
צוּרִיקְגֶעקֶעהְרְט פוּן שָׂרִיד קֵיין מִזְרַח־
זֵייט, וְואוּ דִיא זוּן גֵייט אוֹיף, בֵּייא דֶער
גְרֶענֶעץ פוּן כִּסְלוֹת תָּבוֹר; אוּנְד אִיז
אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען קֵיין דָבְרַת, אוּנְד אִיז
אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען קֵיין יָפִיעַ: 13 אוּנְד פוּן
דָארְט אִיז זִיא אַרִיבֶּערְגֶעגַאנְגֶען קֵיין
מִזְרָח־זֵייט פוּן גִתָּה חֵפֶר עִתָּה קָצִין;
אוּנְד אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען קֵיין רִמּוֹן, אוּנְד
הָאט זִיךְ גֶעצוֹיגֶען קֵיין נֵעָה: 14 אוּנְד
דִיא גְרֶענֶעץ הָאט זִיךְ אַרוּמְגֶערִינְגֶעלְט פוּן צָפוֹן־זֵייט קֵיין חַנָּתוֹן, אוּנְד זֵיינֶע אוֹיסְגֶענְג
זֶענֶען גֶעוֶועזֶען אִין דֶעם טְהָאל יִפְתַּח־אֵל: 15 אוּנְד קַטָּת, אוּנְד נַהֲלָל, אוּנְד שִׁמְרוֹן,
אוּנְד יִדְאֲלָה, אוּנְד בֵּית־לָחֶם, צְווֶעלְף שְׁטֶעט אוּנְד זֵייעֶרע דֶערְפֶער: 16 דָאס אִיז דִיא
נַחֲלָה פוּן דִיא קִינְדֶער זְבוּלֻן, נָאךְ זֵייעֶרע מִשְׁפָּחוֹת; דִיזֶע שְׁטֶעט אוּנְד זֵייעֶרע דֶערְפֶער:
17 פַאר יִשָּׂשכָר אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען דָאס פִירְטֶע גוֹרָל, פַאר דִיא קִינְדֶער פוּן יִשָּׂשכָר
נָאךְ זֵייעֶרע מִשְׁפָּחוֹת: 18 אוּנְד זֵייעֶרע גְרֶענֶעץ אִיז גֶעוֶועזֶען יִזְרְעֶאלָה, אוּנְד כְּסֻלּוֹת,
אוּנְד שׁוּנֵם: 19 אוּנְד חֲפָרַיִם, אוּנְד שִׁיאוֹן, אוּנְד אֲנָחֲרַת: 20 אוּנְד רַבִּית, אוּנְד קִשְׁיוֹן,
אוּנְד אָבֶץ: 21 אוּנְד רֶמֶת, אוּנְד עֵין־גַּנִּים, אוּנְד עֵין חַדָּה, אוּנְד בֵּית פַּצֵּץ: 22 אוּנְד
דִיא גְרֶענֶעץ הָאט אָנְגֶעטְרָאפֶען אִין תָּבוֹר, אוּנְד שַׁחֲצִימָה, אוּנְד בֵּית שֶׁמֶשׁ, אוּנְד דִיא
אוֹיסְגֶענְג פוּן זֵייעֶרע גְרֶענֶעץ אִיז גֶעוֶועזֶען בֵּייא דֶעם יַרְדֵּן; זֶעכְצֶעהְן שְׁטֶעט אוּנְד
זֵייעֶרע דֶערְפֶער: 23 דָאס אִיז גֶעוֶועזֶען דִיא נַחֲלָה פוּן דֶעם שֵׁבֶט דֶער קִינְדֶער פוּן
יִשָּׂשכָר, נָאךְ זֵייעֶרע מִשְׁפָּחוֹת, דִיא שְׁטֶעט אוּנְד זֵייעֶרע דֶערְפֶער: 24 אוּנְד דָאס פִינְפְטֶע
גוֹרָל אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען פַאר דֶעם שֵׁבֶט פוּן דִיא קִינְדֶער אָשֵׁר, נָאךְ זֵייעֶרע מִשְׁפָּחוֹת:
25 אוּנְד זֵייעֶרע גְרֶענֶעץ אִיז גֶעוֶועזֶען חֶלְקַת, אוּנְד חֲלִי, אוּנְד בֶּטֶן, אוּנְד אַכְשָׁף:
26 אוּנְד אַלַמֶּלֶךְ, אוּנְד עַמְעָד, אוּנְד מִשְׁאָל; אוּנְד הָאט אָנְגֶעטְרָאפֶען אִין כַּרְמֶל אַן
דֶער מַעֲרָב־זֵייט אוּנְד אִין שִׁיחוֹר לִבְנָת: 27 אוּנְד הָאט זִיךְ צוּרִיקְגֶעקֶעהְרְט קֶעגֶען
דֶעם אוֹיפְגֵיין פוּן דֶער זוּן קֵיין בֵּית דָּגוֹן, אוּנְד הָאט אָנְגֶעטְרָאפֶען אִין זְבוּלֻן אוּנְד אִין
דֶעם טְהָאל יִפְתַּח־אֵל אַן דֶער צָפוֹן־זֵייט פוּן בֵּית עֵמֶק, אוּנְד נְעִיאֵל, אוּנְד אִיז אַרוֹיסְ־
גֶעגַאנְגֶען צוּ כָּבוּל אַן דֶער לִינְקֶען זֵייט: 28 אוּנְד עֶבְרוֹן, אוּנְד רְחוֹב, אוּנְד חַמּוֹן,
אוּנְד קָנָה, בִּיז דֶעם גְרוֹיסֶען צִידוֹן: 29 אוּנְד דִיא גְרֶענֶעץ אִיז צוּרִיקְגֶעקֶעהְרְט קֵיין
רָמָה, בִּיז צוּ דֶער פֶעסְטֶען שְׁטָאט צוֹר, אוּנְד דִיא גְרֶענֶעץ אִיז צוּרִיקְגֶעקֶעהְרְט קֵיין
חוֹסָה, אוּנְד זֵיינֶע אוֹיסְגֶענְג זֶענֶען גֶעוֶועזֶען אוֹיף דֶער מַעֲרָב־זֵייט פוּן דֶער שְׁנוּר אַכְזִיב:
30 אוּנְד עֻמָּה, אוּנְד אַפֵק, אוּנְד רְחוֹב; צְווֵייא אוּנְד צְוַואנְצִיג שְׁטֶעט אוּנְד זֵייעֶרע דֶערְפֶער:
31 דָאס אִיז גֶעוֶועזֶען דִיא נַחֲלָה פוּן דֶעם שֵׁבֶט דֶער קִינְדֶער פוּן אָשֵׁר, נָאךְ זֵייעֶרע מִשְׁפָּחוֹת,

שִׁמְעוֹן לְמִשְׁפְּחֹתָם׃ מֵחֶבֶל בְּנֵי יְהוּדָה נַחֲלַת בְּנֵי שִׁמְעוֹן 9
כִּי־הָיָה חֵלֶק בְּנֵי־יְהוּדָה רַב מֵהֶם וַיִּנְחֲלוּ בְנֵי־שִׁמְעוֹן
בְּתוֹךְ נַחֲלָתָם׃ וַיַּעַל הַגּוֹרָל הַשְּׁלִישִׁי לִבְנֵי זְבוּלֻן י
לְמִשְׁפְּחֹתָם וַיְהִי גְּבוּל נַחֲלָתָם עַד־שָׂרִיד׃ וְעָלָה גְבוּלָם 11
לַיָּמָּה וּמַרְעֲלָה וּפָגַע בְּדַבָּשֶׁת וּפָגַע אֶל־הַנַּחַל אֲשֶׁר עַל־
פְּנֵי יָקְנְעָם׃ וְשָׁב מִשָּׂרִיד קֵדְמָה מִזְרַח הַשֶּׁמֶשׁ עַל־גְּבוּל 12
כִּסְלֹת תָּבֹר וְיָצָא אֶל־הַדָּבְרַת וְעָלָה יָפִיעַ׃ וּמִשָּׁם עָבַר 13
קֵדְמָה מִזְרָחָה גִּתָּה חֵפֶר עִתָּה קָצִין וְיָצָא רִמּוֹן הַמְּתֹאָר
הַנֵּעָה׃ וְנָסַב אֹתוֹ הַגְּבוּל מִצְּפוֹן חַנָּתֹן וְהָיוּ תֹּצְאֹתָיו גֵּי 14
יִפְתַּח־אֵל׃ וְקַטָּת וְנַהֲלָל וְשִׁמְרוֹן וְיִדְאֲלָה וּבֵית לָחֶם טו
עָרִים שְׁתֵּים־עֶשְׂרֵה וְחַצְרֵיהֶן׃ זֹאת נַחֲלַת בְּנֵי־זְבוּלֻן 16
לְמִשְׁפְּחוֹתָם הֶעָרִים הָאֵלֶּה וְחַצְרֵיהֶן׃ לְיִשָּׂשכָר יָצָא 17
הַגּוֹרָל הָרְבִיעִי לִבְנֵי יִשָּׂשכָר לְמִשְׁפְּחוֹתָם׃ וַיְהִי גְּבוּלָם 18
יִזְרְעֶאלָה וְהַכְּסֻלּוֹת וְשׁוּנֵם׃ וַחֲפָרַיִם וְשִׁיאֹן וַאֲנָחֲרַת׃ 19
וְהָרַבִּית וְקִשְׁיוֹן וָאָבֶץ׃ וְרֶמֶת וְעֵין־גַּנִּים וְעֵין חַדָּה וּבֵית כ 21
פַּצֵּץ׃ וּפָגַע הַגְּבוּל בְּתָבוֹר וְשַׁחֲצוּמָה וּבֵית שֶׁמֶשׁ וְהָיוּ 22
תֹּצְאוֹת גְּבוּלָם הַיַּרְדֵּן עָרִים שֵׁשׁ־עֶשְׂרֵה וְחַצְרֵיהֶן׃ זֹאת 23
נַחֲלַת מַטֵּה בְנֵי־יִשָּׂשכָר לְמִשְׁפְּחֹתָם הֶעָרִים וְחַצְרֵיהֶן׃
וַיֵּצֵא הַגּוֹרָל הַחֲמִישִׁי לְמַטֵּה בְנֵי־אָשֵׁר לְמִשְׁפְּחוֹתָם׃ 24
וַיְהִי גְּבוּלָם חֶלְקַת וַחֲלִי וָבֶטֶן וְאַכְשָׁף׃ וְאַלַמֶּלֶךְ וְעַמְעָד כה 26
וּמִשְׁאָל וּפָגַע בְּכַרְמֶל הַיָּמָּה וּבְשִׁיחוֹר לִבְנָת׃ וְשָׁב מִזְרַח 27
הַשֶּׁמֶשׁ בֵּית דָּגֹן וּפָגַע בִּזְבֻלוּן וּבְגֵי יִפְתַּח־אֵל צָפוֹנָה
בֵּית הָעֵמֶק וּנְעִיאֵל וְיָצָא אֶל־כָּבוּל מִשְּׂמֹאל׃ וְעֶבְרֹן וּרְחֹב 28
וְחַמּוֹן וְקָנָה עַד צִידוֹן רַבָּה׃ וְשָׁב הַגְּבוּל הָרָמָה וְעַד־ 29
עִיר מִבְצַר־צֹר וְשָׁב הַגְּבוּל חֹסָה וְיִהְיוּ תֹצְאֹתָיו הַיָּמָּה
מֵחֶבֶל אַכְזִיבָה׃ וְעֻמָה וַאֲפֵק וּרְחֹב עָרִים עֶשְׂרִים וּשְׁתַּיִם ל
וְחַצְרֵיהֶן׃ זֹאת נַחֲלַת מַטֵּה בְנֵי־אָשֵׁר לְמִשְׁפְּחֹתָם 31

לב הֶעָרִים הָאֵלֶּה וְחַצְרֵיהֶן׃ לִבְנֵי נַפְתָּלִי יָצָא הַגּוֹרָל
33 הַשִּׁשִּׁי לִבְנֵי נַפְתָּלִי לְמִשְׁפְּחֹתָם׃ וַיְהִי גְבוּלָם מֵחֵלֶף
מֵאֵלוֹן בְּצַעֲנַנִּים וַאֲדָמִי הַנֶּקֶב וְיַבְנְאֵל עַד־לַקּוּם וַיְהִי
34 תֹצְאֹתָיו הַיַּרְדֵּן׃ וְשָׁב הַגְּבוּל יָמָּה אַזְנוֹת תָּבוֹר וְיָצָא
מִשָּׁם חוּקֹקָה וּפָגַע בִּזְבֻלוּן מִנֶּגֶב וּבְאָשֵׁר פָּגַע מִיָּם וּבִיהוּדָה
לה הַיַּרְדֵּן מִזְרַח הַשָּׁמֶשׁ׃ וְעָרֵי מִבְצָר הַצִּדִּים צֵר וְחַמַּת
36 37 רַקַּת וְכִנָּרֶת׃ וַאֲדָמָה וְהָרָמָה וְחָצוֹר׃ וְקֶדֶשׁ וְאֶדְרֶעִי
38 וְעֵין חָצוֹר׃ וְיִרְאוֹן וּמִגְדַּל־אֵל חֳרֵם וּבֵית־עֲנָת וּבֵית שָׁמֶשׁ
39 עָרִים תְּשַׁע־עֶשְׂרֵה וְחַצְרֵיהֶן׃ זֹאת נַחֲלַת מַטֵּה בְנֵי־נַפְתָּלִי
מ לְמִשְׁפְּחֹתָם הֶעָרִים וְחַצְרֵיהֶן׃ לְמַטֵּה בְנֵי־דָן
41 לְמִשְׁפְּחֹתָם יָצָא הַגּוֹרָל הַשְּׁבִיעִי׃ וַיְהִי גְּבוּל נַחֲלָתָם
42 צָרְעָה וְאֶשְׁתָּאוֹל וְעִיר שָׁמֶשׁ׃ וְשַׁעֲלַבִּין וְאַיָּלוֹן וְיִתְלָה׃
43 44 וְאֵילוֹן וְתִמְנָתָה וְעֶקְרוֹן׃ וְאֶלְתְּקֵה וְגִבְּתוֹן וּבַעֲלָת׃
מה 46 וִיהֻד וּבְנֵי־בְרַק וְגַת־רִמּוֹן׃ וּמֵי הַיַּרְקוֹן וְהָרַקּוֹן עִם־הַגְּבוּל
47 מוּל יָפוֹ׃ וַיֵּצֵא גְבוּל בְּנֵי־דָן מֵהֶם וַיַּעֲלוּ בְנֵי־דָן וַיִּלָּחֲמוּ
עִם־לֶשֶׁם וַיִּלְכְּדוּ אוֹתָהּ ׀ וַיַּכּוּ אוֹתָהּ לְפִי־חֶרֶב וַיִּרְשׁוּ
אוֹתָהּ וַיֵּשְׁבוּ בָהּ וַיִּקְרְאוּ לְלֶשֶׁם דָּן כְּשֵׁם דָּן אֲבִיהֶם׃
48 זֹאת נַחֲלַת מַטֵּה בְנֵי־דָן לְמִשְׁפְּחֹתָם הֶעָרִים הָאֵלֶּה
49 וְחַצְרֵיהֶן׃ וַיְכַלּוּ לִנְחֹל אֶת־הָאָרֶץ לִגְבוּלֹתֶיהָ וַיִּתְּנוּ
נ בְנֵי־יִשְׂרָאֵל נַחֲלָה לִיהוֹשֻׁעַ בִּן־נוּן בְּתוֹכָם׃ עַל־פִּי יְהוָה
נָתְנוּ לוֹ אֶת־הָעִיר אֲשֶׁר שָׁאָל אֶת־תִּמְנַת־סֶרַח בְּהַר
51 אֶפְרָיִם וַיִּבְנֶה אֶת־הָעִיר וַיֵּשֶׁב בָּהּ׃ אֵלֶּה הַנְּחָלֹת אֲשֶׁר
נִחֲלוּ אֶלְעָזָר הַכֹּהֵן ׀ וִיהוֹשֻׁעַ בִּן־נוּן וְרָאשֵׁי הָאָבוֹת לְמַטּוֹת
בְנֵי־יִשְׂרָאֵל ׀ בְּגוֹרָל ׀ בְּשִׁלֹה לִפְנֵי יְהוָה פֶּתַח אֹהֶל מוֹעֵד
וַיְכַלּוּ מֵחַלֵּק אֶת־הָאָרֶץ׃

## כ

כ

2 א וַיְדַבֵּר יְהוָה אֶל־יְהוֹשֻׁעַ לֵאמֹר׃ דַּבֵּר אֶל־בְּנֵי יִשְׂרָאֵל

דִיא דָאזִיגֶע שְׁטֶעט אוּנְד זֵייעֶרֶע דֶערְפֶער׃
32 פַאר דִיא קִינְדֶער נַפְתָּלִי, אִיז אַרוֹיס־
גֶעגַאנְגֶען דָאס זֶעקְסְטֶע גוֹרָל; פַאר דִיא
קִינְדֶער נַפְתָּלִי נָאךְ זֵייעֶרֶע מִשְׁפָּחוֹת׃
33 אוּנְד זֵייעֶרֶע גְרֶענֶעץ אִיז גֶעוֶועזֶען פוּן
חֵלֶף, פוּן דֶעם אֵייכֶענְבּוֹים בֵּייא צַעֲנַנִּים,
אוּנְד אֲדָמִי הַנֶּקֶב, אוּנְד יַבְנְאֵל בִּיז לַקּוּם;
אוּנְד זֵיינֶע אוֹיסְגֶענְג זֶענֶען גֶעוֶועזֶען בֵּייא
דֶעם יַרְדֵּן׃ 34 אוּנְד דִיא גְרֶענֶעץ הָאט
זִיךְ צוּרִיקְגֶעקֶעהְרְט צוּ דֶער מַעֲרָב־זֵייט
קֵיין אַזְנוֹת תָּבוֹר, אוּנְד אִיז פוּן דָארְט
אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען קֵיין חֻקוֹקָה, אוּנְד הָאט
אָנְגֶעטְרָאפֶען אַן דֶער דָרוֹם־זֵייט פוּן
זְבוּלֻן; אוּנְד אִין אָשֵׁר הָאט עֶס אָנְגֶע־
טְרָאפֶען אַן דֶער מַעֲרָב־זֵייט, אוּנְד אִין
יְהוּדָה בֵּייא דֶעם יַרְדֵּן וְואוּ דִיא זוּן גֵייט
אוֹיף׃ 35 אוּנְד דִיא פֶעסְטֶע שְׁטֶעט
זֶענֶען גֶעוֶועזֶען, צִדִּים, צֵר, אוּנְד חַמַּת,
רַקַּת, אוּנְד כִּנֶּרֶת׃ 36 אוּנְד אֲדָמָה, אוּנְד
רָמָה, אוּנְד חָצוֹר׃ 37 אוּנְד קֶדֶשׁ, אוּנְד
אֶדְרֶעִי, אוּנְד עֵין חָצוֹר׃ 38 אוּנְד יִרְאוֹן,
אוּנְד מִגְדַּל־אֵל, חָרֵם, אוּנְד בֵּית־עֲנָת,
אוּנְד בֵּית שֶׁמֶשׁ, נֵיינְצֶעהְן שְׁטֶעט אוּנְד
זֵייעֶרֶע דֶערְפֶער׃ 39 דָאס אִיז דִיא נַחֲלָה
פוּן דֶעם שֵׁבֶט פוּן דִיא קִינְדֶער נַפְתָּלִי
נָאךְ זֵייעֶרֶע מִשְׁפָּחוֹת, זֵייעֶרֶע שְׁטֶעט אוּנְד זֵייעֶרֶע דֶערְפֶער׃ 40 צוּ דֶעם שֵׁבֶט פוּן דִיא
קִינְדֶער דָן נָאךְ זֵייעֶרֶע מִשְׁפָּחוֹת, אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען דָאס זִיבֶּעטֶע גוֹרָל׃ 41 אוּנְד
דִיא גְרֶענֶעץ פוּן זֵייעֶר נַחֲלָה אִיז גֶעוֶועזֶען, צָרְעָה אוּנְד אֶשְׁתָּאוֹל, אוּנְד עִיר שֶׁמֶשׁ׃
42 אוּנְד שַׁעֲלַבִּין, אוּנְד אַיָּלוֹן, אוּנְד יִתְלָה׃ 43 אוּנְד אֵילוֹן, אוּנְד תִּמְנָתָה, אוּנְד
עֶקְרוֹן׃ 44 אוּנְד אֶלְתְּקֵה, אוּנְד גִבְּתוֹן, אוּנְד בַּעֲלָת׃ 45 וִיהֻד, אוּנְד בְּנֵי בְרַק, אוּנְד
גַת־רִמּוֹן׃ 46 אוּנְד מֵי הַיַּרְקוֹן, אוּנְד רַקּוֹן, מִיט דֶער גְרֶענֶעץ קֶעגֶענִאיבֶּער יָפוֹ׃
47 אוּנְד פוּן זֵייא אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען דִיא גְרֶענֶעץ פוּן דִיא קִינְדֶער דָן, אוּנְד דִיא
קִינְדֶער דָן זֶענֶען אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען אוּנְד זֵייא הָאבֶּען מִלְחָמָה גֶעהַאלְטֶען מִיט לֶשֶׁם,
אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זִיא אֵיינְגֶענוּמֶען, אוּנְד הָאבֶּען זִיא גֶעשְׁלָאגֶען מִיט דִיא שַׁארְף
פוּן דֶעם שְׁוֶוערְד, אוּנְד הָאבֶּען זִיא גֶעיַרְשְׁ׳ת, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אִין אִיהְר גֶעוְואוֹינְט,
אוּנְד זֵייא הָאבֶּען צוּ לֶשֶׁם אַ נָאמֶען גֶעגֶעבֶּען דָן, אַזוֹי וִויא דֶער נָאמֶען דָן זֵייעֶר
פָאטֶער׃ 48 דָאס אִיז דִיא נַחֲלָה פוּן דֶעם שֵׁבֶט פוּן דִיא קִינְדֶער דָן נָאךְ זֵייעֶרֶע
מִשְׁפָּחוֹת, דִיזֶע שְׁטֶעט אוּנְד זֵייעֶרֶע דֶערְפֶער׃ 49 אוּנְד וֶוען זֵייא הָאבֶּען גֶעעֶנְדִיגְט צוּ
מַאכֶען יַרְשְׁנ׳ן דָאס לַאנְד נָאךְ זֵייעֶרֶע גְרֶענֶעצֶען, אַזוֹי הָאבֶּען דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל
גֶעגֶעבֶּען צוּ יְהוֹשֻׁעַ זוּהְן פוּן נוּן אַ נַחֲלָה צְווִישֶׁען זֵייא׃ 50 נָאךְ דֶעם גֶעבָּאט פוּן
גָאט הָאבֶּען זֵייא אִיהְם גֶעגֶעבֶּען דִיא שְׁטָאט וָואס עֶר הָאט פֶערְלַאנְגְט, תִּמְנַת־סֶרַח
אַן דֶעם גֶעבֶּערְג פוּן אֶפְרָיִם, אוּנְד עֶר הָאט גֶעבּוֹיט דִיא שְׁטָאט אוּנְד הָאט אִין
אִיהְר גֶעוְואוֹינְט׃ 51 דָאס זֶענֶען דִיא נַחֲלוֹת וָואס אֶלְעָזָר הַכֹּהֵן אוּנְד יְהוֹשֻׁעַ
זוּהְן פוּן נוּן, אוּנְד דִיא רָאשֵׁי אָבוֹת פוּן דִיא שְׁבָטִים פוּן דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל
הָאבֶּען גֶעמַאכְט יַרְשְׁנ׳ן דוּרְךְ דֶעם גוֹרָל אִין שִׁלֹה פָאר גָאט, אַן דֶער
טִיר פוּן דֶעם אֹהֶל מוֹעֵד, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעעֶנְדִיגְט צוּ פֶערְטֵיילֶען דָאס
לַאנְד׃

## קאפיטעל כ

1 אוּנְד גָאט הָאט גֶערֶעדְט צוּ יְהוֹשֻׁעַ אַזוֹי צוּ זָאגֶען׃ 2 רֶעד צוּ דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל

אַזוֹי צוּ זָאגֶען, בֶּעשְׁטִימְט אַייךְ דִיא שְׁטֶעט פוּן עֶנְטְרִינוּנְג, פוּן וָועלְכֶע אִיךְ הָאבּ צוּ אַייךְ גֶערֶעט דוּרְךְ מֹשֶׁה: 3 אַז דֶער רוֹצֵחַ וָואס דֶערְשְׁלָאגְט אַ נֶפֶשׁ אוּמְגֶערְן, אָהְן ווִיסֶענְשַׁאפְט, זָאל דָארְט אַהִין אַנְטְלוֹיפֶען, אוּנְד זַייא זָאלֶען צוּ אַייךְ זַיין אַלְס אַנְטְלוֹיפוּנְגְס־שְׁטֶעט פַאר דֶעם בְּלוּט דֶערְלֵייזֶער: 4 אוּנְד דֶער וָואס אַנְטְלוֹיפְט צוּ אֵיינֶע פוּן דִיא דָאזִי־גֶע שְׁטֶעט, זָאל זִיךְ שְׁטֶעלֶען בֵּייא דֶער טְהִיר פוּן דֶעם טוֹיעֶר פוּן דֶער שְׁטָאט, אוּנְד עֶר זָאל רֶעדֶען אִין דִיא אוֹירֶען פוּן דִיא עֶלְצְטֶע פוּן דֶערְזֶעלְבִּיגֶער שְׁטָאט זֵיינֶע רֵייד; אוּנְד זֵייא זָאלֶען אִיהְם צוּ זִיךְ אֵיינְזַאמֶעלְן אִין דִיא שְׁטָאט אוּנְד זֵייא זָאלֶען אִיהְם גֶעבֶּען אַן אָרְט מִיט זֵייא צוּ ווְאוֹינֶען: 5 אוּנְד וֶוען דֶער גוֹאֵל הַדָּם וֶועט אִיהְם נָאכְיָאגֶען, אַזוֹי זָאלֶען זֵייא נִיט אִיבֶּערְלִיפֶערְן דֶעם רוֹצֵחַ אִין זֵיינֶע הַאנְד, וָוארִ'ן עֶר הָאט זֵיין פְרֵיינְד דֶערְשְׁלָאגֶען אָהְן ווִיסֶענְ־שַׁאפְט, אוּנְד עֶר אִיז אִיהְם נִיט גֶעוֶועזֶען קֵיין שׂוֹנֵא פוּן נֶעכְטֶען אוּנְד אֵייעֶר־נֶעכְטֶען: 6 אוּנְד עֶר זָאל בְּלֵייבֶּען אִין דֶערְזֶעלְבִּיגֶע שְׁטָאט בִּיז עֶר וֶועט זִיךְ שְׁטֶעלֶען פָאר דֶער גֶעמֵיינְדֶע צוּ דֶעם גֶערִיכְט, בִּיז דֶער כֹּהֵן הַגָּדוֹל וֶועט שְׁטַארְבֶּען וָואס וֶועט זַיין אִין דִיא זֶעלְבִּיגֶע טֶעג, דֶענְסְטְמָאל קֶען זִיךְ דֶער רוֹצֵחַ צוּרִיקְקֶעהְרֶען אוּנְד קוּמֶען צוּ זֵיינֶע שְׁטָאט, אוּנְד צוּ זַיין הוֹיז, צוּ דֶער שְׁטָאט וָואס עֶר אִיז פוּן דָארְט אַנְטְלָאפֶען: 7 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעהֵיילִיגְט קֶדֶשׁ אִין גָלִיל, אוֹיף דֶעם בַּארְג נַפְתָּלִי, אוּנְד שְׁכֶם אוֹיף דֶעם בַּארְג אֶפְרַיִם, אוּנְד קִרְיַת אַרְבַּע, דָאס אִיז חֶבְרוֹן, אוֹיף דֶעם בַּארְג יְהוּדָה: 8 אוּנְד פוּן יֶענֶער זֵייט יַרְדֵן, בֵּייא יְרִיחוֹ אַן דֶער מִזְרַח־זֵייט, הָאבֶּען זֵייא גֶעגֶעבֶּען בֶּצֶר אִין דֶער מִדְבָּר, אִין דֶעם פְלוֹין פוּן דֶעם שֵׁבֶט רְאוּבֵן, אוּנְד רָאמוֹת אִין גִלְעָד פוּן דֶעם שֵׁבֶט גָד, אוּנְד גוֹלָן אִין בָּשָׁן פוּן דֶעם שֵׁבֶט מְנַשֶּׁה: 9 דִיא דָאזִיגֶע זֶענֶען גֶעוֶועזֶען דִיא בֶּעשְׁטִימְטֶע שְׁטֶעט פַאר אַלֶע קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל, אוּנְד פַאר דֶעם גֵר וָואס הַאלְט זִיךְ אוֹיף צְווִישֶׁען זֵייא, כְּדֵי עֶס זָאל דָארְט אַהִין אַנְטְלוֹיפֶען אִיטְלִיכֶער וָואס דֶערְשְׁלָאגְט אַ נֶפֶשׁ אוּמְגֶערְן, אַז עֶר זָאל נִיט שְׁטַארְבֶּען דוּרְךְ דִיא הַאנְד פוּן דֶעם גוֹאֵל הַדָּם, בִּיז עֶר וֶועט זִיךְ שְׁטֶעלֶען פָאר דֶער גֶעמֵיינְדֶע:

## קאפיטעל כא

1 אוּנְד דִיא עֶלְצְטֶע פוּן דִיא אָבוֹת פוּן דִיא לְוִיִּם הָאבֶּען גֶענֶעהְנְט צוּ אֶלְעָזָר הַכֹּהֵן, אוּנְד צוּ יְהוֹשֻׁעַ זוּהְן פוּן נוּן, אוּנְד צוּ דִיא רָאשֵׁי אָבוֹת פוּן דִיא שְׁבָטִים פוּן דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל: 2 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען צוּ זֵייא גֶערֶעט אִין שִׁלוֹה, אִין דֶעם לַאנְד כְּנַעַן אַזוֹי צוּ זָאגֶען, גָאט הָאט גֶעבָּאטֶען דוּרְךְ מֹשֶׁה אַז מֶען זָאל אוּנְס גֶעבֶּען שְׁטֶעט צוּ ווְאוֹינֶען אוּנְד ווֵיידֶע פְּלֶעצֶער פַאר אוּנְזֶערֶע בְּהֵמוֹת: 3 אַזוֹי הָאבֶּען דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל גֶעגֶעבֶּען צוּ דִיא לְוִיִּם פוּן זֵייעֶר נַחֲלָה נָאךְ דֶעם בֶּעפֶעהְל פוּן גָאט, דִיא דָאזִיגֶע שְׁטֶעט אוּנְד זֵייעֶרֶע ווֵיידֶע פְּלֶעצֶער: 4 אוּנְד עֶס אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען דָאס גוֹרָל צוּ דֶער מִשְׁפָּחָה פוּן קְהָת, אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען פַאר דִיא זִיהְן פוּן אַהֲרֹן הַכֹּהֵן, פוּן דִיא לְוִיִּם; פוּן דֶעם שֵׁבֶט יְהוּדָה, אוּנְד פוּן דֶעם שֵׁבֶט שִׁמְעוֹן, אוּנְד פוּן דֶעם שֵׁבֶט בִּנְיָמִן, דוּרְךְ דֶעם גוֹרָל דְרֵייצֶעהְן שְׁטֶעט:

לֵאמֹר תְּנוּ לָכֶם אֶת־עָרֵי הַמִּקְלָט אֲשֶׁר־דִּבַּרְתִּי אֲלֵיכֶם
בְּיַד־מֹשֶׁה: לָנוּס שָׁמָּה רוֹצֵחַ מַכֵּה־נֶפֶשׁ בִּשְׁגָגָה בִּבְלִי־ 3
דָעַת וְהָיוּ לָכֶם לְמִקְלָט מִגֹּאֵל הַדָּם: וְנָס אֶל־אַחַת ׀ 4
מֵהֶעָרִים הָאֵלֶּה וְעָמַד פֶּתַח שַׁעַר הָעִיר וְדִבֶּר בְּאָזְנֵי
זִקְנֵי הָעִיר־הַהִיא אֶת־דְּבָרָיו וְאָסְפוּ אֹתוֹ הָעִירָה אֲלֵיהֶם
וְנָתְנוּ־לוֹ מָקוֹם וְיָשַׁב עִמָּם: וְכִי יִרְדֹּף גֹּאֵל הַדָּם אַחֲרָיו ה
וְלֹא־יַסְגִּרוּ אֶת־הָרֹצֵחַ בְּיָדוֹ כִּי בִבְלִי־דַעַת הִכָּה אֶת־רֵעֵהוּ
וְלֹא־שֹׂנֵא הוּא לוֹ מִתְּמוֹל שִׁלְשׁוֹם: וְיָשַׁב ׀ בָּעִיר הַהִיא 6
עַד־עָמְדוֹ לִפְנֵי הָעֵדָה לַמִּשְׁפָּט עַד־מוֹת הַכֹּהֵן הַגָּדוֹל
אֲשֶׁר יִהְיֶה בַּיָּמִים הָהֵם אָז ׀ יָשׁוּב הָרוֹצֵחַ וּבָא אֶל־עִירוֹ
וְאֶל־בֵּיתוֹ אֶל־הָעִיר אֲשֶׁר־נָס מִשָּׁם: וַיַּקְדִּשׁוּ אֶת־קֶדֶשׁ 7
בַּגָּלִיל בְּהַר נַפְתָּלִי וְאֶת־שְׁכֶם בְּהַר אֶפְרָיִם וְאֶת־קִרְיַת
אַרְבַּע הִיא חֶבְרוֹן בְּהַר יְהוּדָה: וּמֵעֵבֶר לְיַרְדֵּן יְרִיחוֹ 8
מִזְרָחָה נָתְנוּ אֶת־בֶּצֶר בַּמִּדְבָּר בַּמִּישֹׁר מִמַּטֵּה רְאוּבֵן
וְאֶת־רָאמֹת בַּגִּלְעָד מִמַּטֵּה גָד וְאֶת־גּוֹלָן בַּבָּשָׁן מִמַּטֵּה
מְנַשֶּׁה: אֵלֶּה הָיוּ עָרֵי הַמּוּעָדָה לְכֹל ׀ בְּנֵי יִשְׂרָאֵל וְלַגֵּר 9
הַגָּר בְּתוֹכָם לָנוּס שָׁמָּה כָּל־מַכֵּה־נֶפֶשׁ בִּשְׁגָגָה וְלֹא יָמוּת
בְּיַד גֹּאֵל הַדָּם עַד־עָמְדוֹ לִפְנֵי הָעֵדָה:

כא

כא
וַיִּגְּשׁוּ רָאשֵׁי אֲבוֹת הַלְוִיִּם אֶל־אֶלְעָזָר הַכֹּהֵן וְאֶל־יְהוֹשֻׁעַ א
בִּן־נוּן וְאֶל־רָאשֵׁי אֲבוֹת הַמַּטּוֹת לִבְנֵי יִשְׂרָאֵל: וַיְדַבְּרוּ 2
אֲלֵיהֶם בְּשִׁלֹה בְּאֶרֶץ כְּנַעַן לֵאמֹר יְהוָה צִוָּה בְיַד־מֹשֶׁה
לָתֶת־לָנוּ עָרִים לָשָׁבֶת וּמִגְרְשֵׁיהֶן לִבְהֶמְתֵּנוּ: וַיִּתְּנוּ בְנֵי־ 3
יִשְׂרָאֵל לַלְוִיִּם מִנַּחֲלָתָם אֶל־פִּי יְהוָה אֶת־הֶעָרִים הָאֵלֶּה
וְאֶת־מִגְרְשֵׁיהֶן: וַיֵּצֵא הַגּוֹרָל לְמִשְׁפְּחֹת הַקְּהָתִי וַיְהִי 4
לִבְנֵי אַהֲרֹן הַכֹּהֵן מִן־הַלְוִיִּם מִמַּטֵּה יְהוּדָה וּמִמַּטֵּה
הַשִּׁמְעֹנִי וּמִמַּטֵּה בִנְיָמִן בַּגּוֹרָל עָרִים שְׁלֹשׁ עֶשְׂרֵה:

ה וְלִבְנֵי קְהָת הַנּוֹתָרִים מִמִּשְׁפְּחֹת מַטֵּה־אֶפְרַיִם וּמִמַּטֵּה־
6 דָן וּמֵחֲצִי מַטֵּה מְנַשֶּׁה בַּגּוֹרָל עָרִים עֶשֶׂר׃ וְלִבְנֵי
גֵרְשׁוֹן מִמִּשְׁפְּחוֹת מַטֵּה־יִשָּׂשכָר וּמִמַּטֵּה־אָשֵׁר וּמִמַּטֵּה
נַפְתָּלִי וּמֵחֲצִי מַטֵּה מְנַשֶּׁה בַבָּשָׁן בַּגּוֹרָל עָרִים שְׁלֹשׁ
7 עֶשְׂרֵה׃ לִבְנֵי מְרָרִי לְמִשְׁפְּחֹתָם מִמַּטֵּה רְאוּבֵן
8 וּמִמַּטֵּה־גָד וּמִמַּטֵּה זְבוּלֻן עָרִים שְׁתֵּים עֶשְׂרֵה׃ וַיִּתְּנוּ
בְנֵי־יִשְׂרָאֵל לַלְוִיִּם אֶת־הֶעָרִים הָאֵלֶּה וְאֶת־מִגְרְשֵׁיהֶן
9 כַּאֲשֶׁר צִוָּה יְהוָה בְּיַד־מֹשֶׁה בַּגּוֹרָל׃ וַיִּתְּנוּ מִמַּטֵּה
בְּנֵי יְהוּדָה וּמִמַּטֵּה בְּנֵי שִׁמְעוֹן אֵת הֶעָרִים הָאֵלֶּה אֲשֶׁר־
י יִקְרָא אֶתְהֶן בְּשֵׁם׃ וַיְהִי לִבְנֵי אַהֲרֹן מִמִּשְׁפְּחוֹת הַקְּהָתִי
11 מִבְּנֵי לֵוִי כִּי לָהֶם הָיָה הַגּוֹרָל רִאישֹׁנָה׃ וַיִּתְּנוּ לָהֶם אֶת־
קִרְיַת אַרְבַּע אֲבִי הָעֲנוֹק הִיא חֶבְרוֹן בְּהַר יְהוּדָה וְאֶת־
12 מִגְרָשֶׁהָ סְבִיבֹתֶיהָ׃ וְאֶת־שְׂדֵה הָעִיר וְאֶת־חֲצֵרֶיהָ נָתְנוּ
13 לְכָלֵב בֶּן־יְפֻנֶּה בַּאֲחֻזָּתוֹ׃ וְלִבְנֵי ׀ אַהֲרֹן הַכֹּהֵן נָתְנוּ
אֶת־עִיר מִקְלַט הָרֹצֵחַ אֶת־חֶבְרוֹן וְאֶת־מִגְרָשֶׁהָ וְאֶת־
14 לִבְנָה וְאֶת־מִגְרָשֶׁהָ׃ וְאֶת־יַתִּר וְאֶת־מִגְרָשֶׁהָ וְאֶת־
טו אֶשְׁתְּמֹעַ וְאֶת־מִגְרָשֶׁהָ׃ וְאֶת־חֹלֹן וְאֶת־מִגְרָשֶׁהָ וְאֶת־
16 דְּבִר וְאֶת־מִגְרָשֶׁהָ׃ וְאֶת־עַיִן וְאֶת־מִגְרָשֶׁהָ וְאֶת־יֻטָּה
וְאֶת־מִגְרָשֶׁהָ אֶת־בֵּית שֶׁמֶשׁ וְאֶת־מִגְרָשֶׁהָ עָרִים תֵּשַׁע
17 מֵאֵת שְׁנֵי הַשְּׁבָטִים הָאֵלֶּה׃ וּמִמַּטֵּה בִנְיָמִן אֶת־
18 גִּבְעוֹן וְאֶת־מִגְרָשֶׁהָ אֶת־גֶּבַע וְאֶת־מִגְרָשֶׁהָ׃ אֶת־עֲנָתוֹת
וְאֶת־מִגְרָשֶׁהָ וְאֶת־עַלְמוֹן וְאֶת־מִגְרָשֶׁהָ עָרִים אַרְבַּע׃
19 כָּל־עָרֵי בְנֵי־אַהֲרֹן הַכֹּהֲנִים שְׁלֹשׁ־עֶשְׂרֵה עָרִים וּמִגְרְשֵׁיהֶן׃
כ וּלְמִשְׁפְּחוֹת בְּנֵי־קְהָת הַלְוִיִּם הַנּוֹתָרִים מִבְּנֵי קְהָת
21 וַיְהִי עָרֵי גוֹרָלָם מִמַּטֵּה אֶפְרָיִם׃ וַיִּתְּנוּ לָהֶם אֶת־עִיר
מִקְלַט הָרֹצֵחַ אֶת־שְׁכֶם וְאֶת־מִגְרָשֶׁהָ בְּהַר אֶפְרָיִם וְאֶת־
22 גֶּזֶר וְאֶת־מִגְרָשֶׁהָ׃ וְאֶת־קִבְצַיִם וְאֶת־מִגְרָשֶׁהָ וְאֶת־בֵּית

5 אוּנְד פַאר דִיא זִיהְן פוּן קְהָת, וָואס זֶענֶען אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּען פוּן דִיא מִשְׁפָּחוֹת פוּן דֶעם שֵׁבֶט אֶפְרַיִם אוּנְד פוּן דֶעם שֵׁבֶט דָן, אוּנְד פוּן דֶעם הַאלְבֶּען שֵׁבֶט מְנַשֶּׁה, דוּרְךְ דֶעם גוֹרָל צֶעהְן שְׁטֶעט׃ 6 אוּנְד פַאר דִיא זִיהְן פוּן גֵרְשׁוֹן, פוּן דִיא מִשְׁפָּחוֹת פוּן דֶעם שֵׁבֶט יִשָּׂשכָר, אוּנְד פוּן דֶעם שֵׁבֶט אָשֵׁר, אוּנְד פוּן דֶעם שֵׁבֶט נַפְתָּלִי, אוּנְד פוּן דֶעם הַאלְבֶּען שֵׁבֶט מְנַשֶּׁה, אִין בָּשָׁן דוּרְךְ דֶעם גוֹרָל, דְרַייצֶעהְן שְׁטֶעט׃ 7 פַאר דִיא זִיהְן פוּן מְרָרִי, נָאךְ זֵייעֶרֶע מִשְׁפָּחוֹת, פוּן דֶעם שֵׁבֶט רְאוּבֵן, אוּנְד פוּן דֶעם שֵׁבֶט גָּד, אוּנְד פוּן דֶעם שֵׁבֶט זְבוּלֻן, צְוֶועלְף שְׁטֶעט׃ 8 אוּנְד דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל הָאבֶּען גֶעגֶעבֶּען צוּ דִיא לְוִיִּם דִיא דָאזִיגֶע שְׁטֶעט אוּנְד זֵייעֶרֶע וֵויידֶע פְּלֶעצֶער, אַזוֹי ווִיא גָאט הָאט גֶעבָּאטֶען דוּרְךְ מֹשֶׁה נָאךְ דֶעם גוֹרָל׃ 9 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעגֶעבֶּען פוּן דֶעם שֵׁבֶט פוּן דִיא זִיהְן פוּן יְהוּדָה, אוּנְד פוּן דֶעם שֵׁבֶט פוּן דִיא זִיהְן פוּן שִׁמְעוֹן, דִיזֶע שְׁטֶעט וָואס מֶען הָאט זֵייא גֶערוּפֶען בֵּייא דֶעם נָאמֶען׃ 10 אוּנְד דִיא זֶענֶען גֶעוֶועזֶען צוּ דִיא זִיהְן פוּן אַהֲרֹן פוּן דִיא מִשְׁפָּחוֹת פוּן קְהָת, פוּן דִיא זִיהְן פוּן לֵוִי, וָוארִין צוּ זֵייא אִיז גֶעוֶועזֶען דָאס עֶרְשְׁטֶע גוֹרָל׃ 11 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען צוּ זֵייא גֶעגֶעבֶּען קִרְיַת אַרְבַּע פוּן דֶעם פָאטֶער פוּן עֲנוֹק, דָאס אִיז חֶבְרוֹן אוֹיף דֶעם בַּארג יְהוּדָה, אוּנְד זֵייעֶרֶע וֵויידֶע פְּלֶעצֶער רִינְגְסאַרוּם׃ 12 אָבֶּער דָאס פֶעלְד פוּן דֶער שְׁטָאט אוּנְד זֵייעֶרֶע דֶערְפֶער, הָאבֶּען זֵייא גֶעגֶעבֶּען צוּ כָּלֵב זוּהְן יְפֻנֶּה, אַלְס זֵיינֶע נַחֲלָה׃ 13 אוּנְד צוּ דִיא קִינְדֶער פוּן אַהֲרֹן הַכֹּהֵן הָאבֶּען זֵייא גֶעגֶעבֶּען דִיא אַנְטְלוֹיפוּנְגְס־שְׁטֶעט פַאר דֶעם רוֹצֵחַ חֶבְרוֹן אוּנְד אִיהְרֶע וֵויידֶע פְּלֶעצֶער, אוּנְד לִבְנָה אוּנְד אִיהְרֶע וֵויידֶע פְּלֶעצֶער׃ 14 אוּנְד יַתִּר אוּנְד אִיהְרֶע וֵויידֶע פְּלֶעצֶער, אוּנְד אֶשְׁתְּמוֹעַ אוּנְד אִיהְרֶע וֵויידֶע פְּלֶעצֶער׃ 15 אוּנְד חֹלֹן אוּנְד אִיהְרֶע וֵויידֶע פְּלֶעצֶער, אוּנְד דְבִיר אוּנְד אִיהְרֶע וֵויידֶע פְּלֶעצֶער׃ 16 אוּנְד עַיִן אוּנְד אִיהְרֶע וֵויידֶע פְּלֶעצֶער, אוּנְד יֻטָּה אוּנְד אִיהְרֶע וֵויידֶע פְּלֶעצֶער, אוּנְד בֵּית שֶׁמֶשׁ אוּנְד אִיהְרֶע וֵויידֶע פְּלֶעצֶער, נַיין שְׁטֶעט פוּן דִיא דָאזִיגֶע צְווייא שְׁבָטִים׃ 17 אוּנְד פוּן דֶעם שֵׁבֶט בִּנְיָמִין, גִבְעוֹן אוּנְד אִיהְרֶע וֵויידֶע פְּלֶעצֶער, אוּנְד גֶבַע אוּנְד אִיהְרֶע וֵויידֶע פְּלֶעצֶער׃ 18 אוּנְד עֲנָתוֹת אוּנְד אִיהְרֶע וֵויידֶע פְּלֶעצֶער, אוּנְד עַלְמוֹן אוּנְד אִיהְרֶע וֵויידֶע פְּלֶעצֶער, פִיעֶר שְׁטֶעט׃ 19 אַלֶע שְׁטֶעט פוּן דִיא קִינְדֶער פוּן אַהֲרֹן דִיא כֹּהֲנִים, וַוארֶען דְרַייצֶעהְן שְׁטֶעט אוּנְד אִיהְרֶע וֵויידֶע פְּלֶעצֶער׃ 20 אוּנְד פַאר דִיא מִשְׁפָּחוֹת פוּן דִיא קִינְדֶער קְהָת—דִיא לְוִיִּם וָואס זֶענֶען אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּען פוּן דִיא קִינְדֶער קְהָת—דִיא שְׁטֶעט פוּן זֵייעֶר גוֹרָל זֶענֶען גֶעוֶועזֶען פוּן דֶעם שֵׁבֶט אֶפְרָיִם׃ 21 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען צוּ זֵייא גֶעגֶעבֶּען דִיא אַנְטְלוֹיפוּנְגְס־שְׁטֶעט פַאר דֶעם רוֹצֵחַ, שְׁכֶם אוּנְד אִיהְרֶע וֵויידֶע פְּלֶעצֶער, אוֹיף דֶעם בַּארְג אֶפְרָיִם, אוּנְד גֶזֶר אוּנְד אִיהְרֶע וֵויידֶע פְּלֶעצֶער׃ 22 אוּנְד קִבְצַיִם אוּנְד אִיהְרֶע וֵויידֶע פְּלֶעצֶער, אוּנְד בֵּית

חֹרֹ֖ן וְאֶת־מִגְרָשֶׁ֑הָ עָרִ֖ים אַרְבַּֽע׃ וּמִמַּטֵּה־דָ֗ן אֶת־ 23
אֶלְתְּקֵ֥א וְאֶת־מִגְרָשֶׁ֖הָ אֶת־גִּבְּת֥וֹן וְאֶת־מִגְרָשֶֽׁהָ׃ אֶת־אַיָּל֣וֹן 24
וְאֶת־מִגְרָשֶׁ֗הָ אֶת־גַּת־רִמּ֛וֹן וְאֶת־מִגְרָשֶׁ֖הָ עָרִ֥ים אַרְבַּֽע׃
וּמִֽמַּחֲצִית֙ מַטֵּ֣ה מְנַשֶּׁ֔ה אֶת־תַּעְנַ֖ךְ וְאֶת־מִגְרָשֶׁ֑הָ וְאֶת־גַּ֥ת כה
רִמּ֛וֹן וְאֶת־מִגְרָשֶׁ֖הָ עָרִ֥ים שְׁתָּֽיִם׃ כָּל־עָרִ֥ים עֶ֖שֶׂר 26
וּמִגְרְשֵׁיהֶ֑ן לְמִשְׁפְּח֥וֹת בְּנֵי־קְהָ֖ת הַנּוֹתָרִֽים׃ * וְלִבְנֵ֣י גֵרְשׁוֹן֮ 27
מִֽמִּשְׁפְּחֹ֣ת הַלְוִיִּם֒ מֵחֲצִ֞י מַטֵּ֣ה מְנַשֶּׁ֗ה אֶת־עִיר֙ מִקְלַ֣ט
הָרֹצֵ֔חַ אֶת־גָּל֥וֹן בַּבָּשָׁ֖ן וְאֶת־מִגְרָשֶׁ֑הָ וְאֶת־בְּעֶשְׁתְּרָ֥ה וְאֶת־
מִגְרָשֶׁ֖הָ עָרִ֥ים שְׁתָּֽיִם׃ וּמִמַּטֵּ֣ה יִשָּׂשכָ֔ר אֶת־קִשְׁי֖וֹן 28
וְאֶת־מִגְרָשֶׁ֑הָ אֶת־דָּבְרַ֖ת וְאֶת־מִגְרָשֶֽׁהָ׃ אֶת־יַרְמוּת֙ וְאֶת־ 29
מִגְרָשֶׁ֔הָ אֶת־עֵ֥ין גַּנִּ֖ים וְאֶת־מִגְרָשֶׁ֑הָ עָרִ֖ים אַרְבַּֽע׃
וּמִמַּטֵּ֣ה אָשֵׁ֔ר אֶת־מִשְׁאָ֖ל וְאֶת־מִגְרָשֶׁ֑הָ אֶת־עַבְדּ֖וֹן וְאֶת־ ל
מִגְרָשֶֽׁהָ׃ אֶת־חֶלְקָת֙ וְאֶת־מִגְרָשֶׁ֔הָ וְאֶת־רְחֹ֖ב וְאֶת־מִגְרָשֶׁ֑הָ 31
עָרִ֖ים אַרְבַּֽע׃ וּמִמַּטֵּ֨ה נַפְתָּלִ֜י אֶת־עִ֣יר ׀ מִקְלַ֣ט הָרֹצֵ֗חַ 32
אֶת־קֶ֨דֶשׁ בַּגָּלִ֤יל וְאֶת־מִגְרָשֶׁ֙הָ֙ וְאֶת־חַמֹּ֥ת דֹּאר֙ וְאֶת־
מִגְרָשֶׁ֔הָ וְאֶת־קַרְתָּ֖ן וְאֶת־מִגְרָשֶׁ֑הָ עָרִ֖ים שָׁלֹֽשׁ׃ כָּל־עָרֵ֥י 33
הַגֵּרְשֻׁנִּ֖י לְמִשְׁפְּחֹתָ֑ם שְׁלֹשׁ־עֶשְׂרֵ֥ה עִ֖יר וּמִגְרְשֵׁיהֶֽן׃
וּלְמִשְׁפְּח֨וֹת בְּנֵֽי־מְרָרִ֜י הַלְוִיִּ֣ם הַנּוֹתָרִ֗ים מֵאֵת֙ מַטֵּ֣ה זְבוּלֻ֔ן 34
אֶת־יָקְנְעָ֖ם וְאֶת־מִגְרָשֶׁ֑הָ אֶת־קַרְתָּ֖ה וְאֶת־מִגְרָשֶֽׁהָ׃ אֶת־ לה
דִּמְנָה֙ וְאֶת־מִגְרָשֶׁ֔הָ אֶת־נַהֲלָ֖ל וְאֶת־מִגְרָשֶׁ֑הָ עָרִ֖ים אַרְבַּֽע׃
וּמִמַּטֵּה־גָ֗ד אֶת־עִיר֙ מִקְלַ֣ט הָרֹצֵ֔חַ אֶת־רָמֹ֥ת 36
בַּגִּלְעָ֖ד וְאֶת־מִגְרָשֶׁ֑הָ וְאֶת־מַחֲנַ֖יִם וְאֶת־מִגְרָשֶֽׁהָ׃ אֶת־ 37
חֶשְׁבּוֹן֙ וְאֶת־מִגְרָשֶׁ֔הָ אֶת־יַעְזֵ֖ר וְאֶת־מִגְרָשֶׁ֑הָ כָּל־עָרִ֖ים

חוֹרוֹן אוּנְד אִיהְרֶע וֵוייְדֶע פְּלֶעצֶער, פִיעֶר שְׁטֶעט: 23 אוּנְד פוּן דֶעם שֵׁבֶט דָן, אֶלְתְּקֵא אוּנְד אִיהְרֶע וֵוייְדֶע פְּלֶעצֶער, אוּנְד גִבְּתוֹן אוּנְד אִיהְרֶע וֵוייְדֶע פְּלֶעצֶער: 24 אוּנְד אַיָלוֹן אוּנְד אִיהְרֶע וֵוייְדֶע פְּלֶעצֶער, אוּנְד גַת־רִמוֹן אוּנְד אִיהְרֶע וֵוייְדֶע פְּלֶעצֶער, פִיעֶר שְׁטֶעט: 25 אוּנְד פוּן דֶעם הַאלְבֶּען שֵׁבֶט מְנַשֶׁה, תַּעֲנָךְ אוּנְד אִיהְרֶע וֵוייְדֶע פְּלֶעצֶער, אוּנְד גַת רִמוֹן אוּנְד אִיהְרֶע וֵוייְדֶע פְּלֶעצֶער, צְוֵוייא שְׁטֶעט: 26 אַלֶע שְׁטֶעט זֶענֶען גֶעוֶועזֶען צֶעהְן מִיט זֵייעֶרֶע וֵוייְדֶע פְּלֶעצֶער פַאר דִיא מִשְׁפָּחוֹת פוּן דִיא קִינְדֶער פוּן קְהָת וָואס זֶענֶען אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּען: 27 אוּנְד צוּ דִיא קִינְדֶער פוּן גֵרְשׁוֹן, פוּן דִיא מִשְׁפָּחוֹת פוּן דִיא לְוִיִם פוּן דֶעם (אַנְדֶערְן) הַאלְבֶּען שֵׁבֶט מְנַשֶׁה (הָאבֶּען זֵייא גֶע־גֶעבֶּען) אַלְס אַנְטְלוֹיפוּנְגְס שְׁטָאט פַאר דֶעם רוֹצֵחַ, גוֹלָן אִין בָּשָׁן אוּנְד אִיהְרֶע וֵוייְדֶע פְּלֶעצֶער, אוּנְד בְּעֶשְׁתְּרָה אוּנְד אִיהְרֶע וֵוייְדֶע פְּלֶעצֶער, צְוֵוייא שְׁטֶעט: 28 אוּנְד פוּן דֶעם שֵׁבֶט יִשָׂשכָר, קִשְׁיוֹן אוּנְד אִיהְרֶע וֵוייְדֶע פְּלֶעצֶער, אוּנְד דָבְרַת אוּנְד אִיהְרֶע וֵוייְדֶע פְּלֶעצֶער: 29 אוּנְד יַרְמוּת אוּנְד אִיהְרֶע וֵוייְדֶע פְּלֶעצֶער, אוּנְד עֵין גַנִים אוּנְד אִיהְרֶע וֵוייְדֶע פְּלֶעצֶער, פִיעֶר שְׁטֶעט: 30 אוּנְד פוּן דֶעם שֵׁבֶט אָשֵׁר, מִשְׁאָל אוּנְד אִיהְרֶע וֵוייְדֶע פְּלֶעצֶער, אוּנְד עַבְדוֹן אוּנְד אִיהְרֶע וֵוייְדֶע פְּלֶעצֶער: 31 אוּנְד חֶלְקַת אוּנְד אִיהְרֶע וֵוייְדֶע פְּלֶעצֶער, אוּנְד רְחוֹב אוּנְד אִיהְרֶע וֵוייְדֶע פְּלֶעצֶער, פִיעֶר שְׁטֶעט: 32 אוּנְד פוּן דֶעם שֵׁבֶט נַפְתָּלִי (הָאבֶּען זֵייא גֶעגֶעבֶּען) אַלְס אַנְטְלוֹיפוּנְגְס שְׁטָאט, פַאר דֶעם רוֹצֵחַ, קֶדֶשׁ אִין גָלִיל אוּנְד אִיהְרֶע וֵוייְדֶע פְּלֶעצֶער, אוּנְד חַמוֹת דוֹאר אוּנְד אִיהְרֶע וֵוייְדֶע פְּלֶעצֶער, אוּנְד קַרְתָּן אוּנְד אִיהְרֶע וֵוייְדֶע פְּלֶעצֶער, דְרֵייא שְׁטֶעט: 33 אַלֶע שְׁטֶעט פוּן דֶעם גֵרְשֻׁנִי, נָאךְ זֵייעֶרֶע מִשְׁפָּחוֹת (זֶענֶען גֶעוֶועזֶען) דְרֵייצֶעהְן שְׁטֶעט אוּנְד זֵייעֶרֶע וֵוייְדֶע פְּלֶעצֶער: 34 אוּנְד צוּ דִיא מִשְׁפָּחוֹת פוּן דִיא קִינְדֶער מְרָרִי, דִיא אִיבְּרִיגֶע לְוִיִם, פוּן דֶעם שֵׁבֶט זְבוּלֻן יָקְנְעָם אוּנְד אִיהְרֶע וֵוייְדֶע פְּלֶעצֶער, אוּנְד קַרְתָּה אוּנְד אִיהְרֶע וֵוייְדֶע פְּלֶעצֶער: 35 אוּנְד דִמְנָה אוּנְד אִיהְרֶע וֵוייְדֶע פְּלֶעצֶער, אוּנְד נַהֲלָל אוּנְד אִיהְרֶע וֵוייְדֶע פְּלֶעצֶער, פִיעֶר שְׁטֶעט: * 36 אוּנְד פוּן דֶעם שֵׁבֶט גָד (הָאבֶּען זֵייא גֶעגֶעבֶּען) אַלְס אַנְטְלוֹיפוּנְגְס שְׁטֶעט פַאר דֶעם רוֹצֵחַ, רָמוֹת אִין גִלְעָד אוּנְד אִיהְרֶע וֵוייְדֶע פְּלֶעצֶער, אוּנְד מַחֲנַיִם אוּנְד אִיהְרֶע וֵוייְדֶע פְּלֶעצֶער: 37 אוּנְד חֶשְׁבּוֹן אוּנְד אִיהְרֶע וֵוייְדֶע פְּלֶעצֶער, אוּנְד יַעְזֵר אוּנְד אִיהְרֶע וֵוייְדֶע פְּלֶעצֶער, אַלֶע שְׁטֶעט

---

* וממטה ראובן את־בצר ואת מגרשה ואת־יהצה ואת־מגרשה: את־קדמות ואת־מגרשה ואת־מיפעת ואת־מגרשה ערים ארבע:

* (אוּנְד פוּן דֶעם שֵׁבֶט רְאוּבֵן (הָאבֶּען זֵייא גֶעגֶעבֶּען) אַלְס אַנְטְלוֹיפוּנְגְס שְׁטֶעט פַאר דֶעם רוֹצֵחַ, בֶּצֶר אִין דֶער מִדְבָּר אוּנְד אִיהְרֶע וֵוייְדֶע פְּלֶעצֶער, אוּנְד יַהְצָה אוּנְד אִיהְרֶע וֵוייְדֶע פְּלֶעצֶער: אוּנְד קְדֵמוֹת אוּנְד אִיהְרֶע וֵוייְדֶע פְּלֶעצֶער, אוּנְד מֵיפַעַת אוּנְד אִיהְרֶע וֵוייְדֶע פְּלֶעצֶער, פִיעֶר שְׁטֶעט:)

* אין מאנכע ספרים געפינט מען היר דיזע צווייא פסוקים אויך. זייא זענען גענומען פון דברי הימים א׳ ו׳ פסוק ס״ג אונד ס״ד. אונד נאך דיא מסורה נאך דארפען זייא ניט צו זיין. נאר כדי זייא זאלען ניט פעלען צו דעם לעזער האט מען זייא היר אויף דיזעם בלאט געשטעלט.

וואַרען

38 אַרְבַּע׃ כָּל־הֶעָרִים לִבְנֵי מְרָרִי לְמִשְׁפְּחֹתָם הַנּוֹתָרִים
39 מִמִּשְׁפְּחוֹת הַלְוִיִּם וַיְהִי גּוֹרָלָם עָרִים שְׁתֵּים עֶשְׂרֵה׃ כֹּל
עָרֵי הַלְוִיִּם בְּתוֹךְ אֲחֻזַּת בְּנֵי־יִשְׂרָאֵל עָרִים אַרְבָּעִים וּשְׁמֹנֶה
מ וּמִגְרְשֵׁיהֶן׃ תִּהְיֶינָה הֶעָרִים הָאֵלֶּה עִיר עִיר וּמִגְרָשֶׁיהָ
41 סְבִיבֹתֶיהָ כֵּן לְכָל־הֶעָרִים הָאֵלֶּה׃ וַיִּתֵּן יְהוָה לְיִשְׂרָאֵל
אֶת־כָּל־הָאָרֶץ אֲשֶׁר נִשְׁבַּע לָתֵת לַאֲבוֹתָם וַיִּרָשׁוּהָ וַיֵּשְׁבוּ
42 בָהּ׃ וַיָּנַח יְהוָה לָהֶם מִסָּבִיב כְּכֹל אֲשֶׁר־נִשְׁבַּע לַאֲבוֹתָם
וְלֹא־עָמַד אִישׁ בִּפְנֵיהֶם מִכָּל־אֹיְבֵיהֶם אֵת כָּל־אֹיְבֵיהֶם
43 נָתַן יְהוָה בְּיָדָם׃ לֹא־נָפַל דָּבָר מִכֹּל הַדָּבָר הַטּוֹב אֲשֶׁר־
דִּבֶּר יְהוָה אֶל־בֵּית יִשְׂרָאֵל הַכֹּל בָּא׃

## כב

כב

א אָז יִקְרָא יְהוֹשֻׁעַ לָראוּבֵנִי וְלַגָּדִי וְלַחֲצִי מַטֵּה מְנַשֶּׁה׃
2 וַיֹּאמֶר אֲלֵיהֶם אַתֶּם שְׁמַרְתֶּם אֵת כָּל־אֲשֶׁר צִוָּה אֶתְכֶם
מֹשֶׁה עֶבֶד יְהוָה וַתִּשְׁמְעוּ בְקוֹלִי לְכֹל אֲשֶׁר־צִוִּיתִי אֶתְכֶם׃
3 לֹא־עֲזַבְתֶּם אֶת־אֲחֵיכֶם זֶה יָמִים רַבִּים עַד הַיּוֹם הַזֶּה
4 וּשְׁמַרְתֶּם אֶת־מִשְׁמֶרֶת מִצְוַת יְהוָה אֱלֹהֵיכֶם׃ וְעַתָּה הֵנִיחַ
יְהוָה אֱלֹהֵיכֶם לַאֲחֵיכֶם כַּאֲשֶׁר דִּבֶּר לָהֶם וְעַתָּה פְּנוּ וּלְכוּ
לָכֶם לְאָהֳלֵיכֶם אֶל־אֶרֶץ אֲחֻזַּתְכֶם אֲשֶׁר נָתַן לָכֶם מֹשֶׁה
ה עֶבֶד יְהוָה בְּעֵבֶר הַיַּרְדֵּן׃ רַק שִׁמְרוּ מְאֹד לַעֲשׂוֹת אֶת־
הַמִּצְוָה וְאֶת־הַתּוֹרָה אֲשֶׁר צִוָּה אֶתְכֶם מֹשֶׁה עֶבֶד־יְהוָה
לְאַהֲבָה אֶת־יְהוָה אֱלֹהֵיכֶם וְלָלֶכֶת בְּכָל־דְּרָכָיו וְלִשְׁמֹר
מִצְוֹתָיו וּלְדָבְקָה־בוֹ וּלְעָבְדוֹ בְּכָל־לְבַבְכֶם וּבְכָל־נַפְשְׁכֶם׃
6 7 וַיְבָרְכֵם יְהוֹשֻׁעַ וַיְשַׁלְּחֵם וַיֵּלְכוּ אֶל־אָהֳלֵיהֶם׃ וְלַחֲצִי ׀
שֵׁבֶט הַמְנַשֶּׁה נָתַן מֹשֶׁה בַּבָּשָׁן וּלְחֶצְיוֹ נָתַן יְהוֹשֻׁעַ עִם־
אֲחֵיהֶם מֵעֵבֶר הַיַּרְדֵּן יָמָּה וְגַם כִּי שִׁלְּחָם יְהוֹשֻׁעַ אֶל־
8 אָהֳלֵיהֶם וַיְבָרְכֵם׃ וַיֹּאמֶר אֲלֵיהֶם לֵאמֹר בִּנְכָסִים רַבִּים
שׁוּבוּ אֶל־אָהֳלֵיכֶם וּבְמִקְנֶה רַב־מְאֹד בְּכֶסֶף וּבְזָהָב

וָוארֶען פִיער׃ 38 אַלֶע שְׁטֶעט פוּן דיא קִינְדֶער מְרָרִי נָאךְ זֵייעֶרֶע מִשְׁפָּחוֹת, וָואס זֶענֶען אִיבְּרִיג גֶעבְּלִיבֶּען פוּן דיא מִשְׁפָּחוֹת פוּן דיא לְוִיִּם, אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען זֵייעֶר גּוֹרָל צְוֶועלְף שְׁטֶעט׃ 39 אַלֶע שְׁטֶעט פוּן דיא לְוִיִּם, צְווִישֶׁען דֶער נַחֲלָה פוּן דיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל, זֶענֶען גֶעוֶועזֶען אַכְט אוּנְד פִירְצִיג שְׁטֶעט אוּנְד זֵייעֶרֶע ווייךֶע פְּלֶעצֶער׃ 40 דיא דָאזִיגֶע שְׁטֶעט זֶענֶען גֶעוֶועזֶען אִיטְלִיכֶע שְׁטָאט מִיט אִיהֶרֶע ווייךֶע פְּלֶעצֶער רִינְגְס אַרוּם; אַזוֹי אִיז עֶס גֶעוֶועזֶען צוּ אַלֶע דִיזֶע שְׁטֶעט׃ 41 אוּנְד גָאט הָאט גֶעגֶעבֶּען צוּ יִשְׂרָאֵל דָאס גַאנְצֶע לַאנְד וָואס עֶר הָאט גֶעשְׁווָאוֹירֶען צוּ גֶעבֶּען צוּ זֵייעֶרֶע אָבוֹת, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען עֶס גֶעיַרְשֶׁת, אוּנְד הָאבֶּען דָארִין גֶעוואוֹינְט׃ 42 אוּנְד גָאט הָאט צוּ זֵייא גֶעגֶעבֶּען רוּה רִינְגְס אַרוּם, גַאנְץ אַזוֹי ווִיא עֶר הָאט גֶעשְׁווָאוֹירֶען צוּ זֵייעֶרֶע פֶעטֶער; אוּנְד קֵיין מֶענְשׁ פוּן אַלֶע זֵייעֶרֶע פֵיינְד הָאט גֶעקֶענְט בֶּעשְׁטֵיין פַאר זֵייעֶר פָּנִים, אַלֶע זֵייעֶרֶע פֵיינְד הָאט גָאט גֶעגֶעבֶּען אִין זֵייעֶרֶע הֶענְד׃ 43 עֶס אִיז נִיט אָפְּגֶעפַאלֶען אֵיין זַאךְ פוּן דֶעם גַאנְצֶען גוּטֶען וָוארְט וָואס גָאט הָאט גֶערֶעדְט צוּ דֶעם הוֹיז יִשְׂרָאֵל, אַלֶעס אִיז גֶעקוּמֶען׃

## קאפיטעל כב

1 דֶענְסְטְמָאל הָאט יְהוֹשֻׁעַ גֶערוּפֶען דֶעם שֵׁבֶט רְאוּבֵן, אוּנְד גָד אוּנְד דֶעם הַאלְבֶּען שֵׁבֶט מְנַשֶּׁה׃ 2 אוּנְד עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, אִיהְר הָאט גֶעהִיט אַלֶעס וָואס מֹשֶׁה דֶער קְנֶעכְט פוּן גָאט הָאט אֵייךְ גֶעבָּאטֶען, אוּנְד אִיהְר הָאט אוֹיךְ גֶעהָארְכְט צוּ מֵיין קוֹל אִין אַלֶעם וָואס אִיךְ הָאבּ אֵייךְ גֶעבָּאטֶען׃ 3 אִיהְר הָאט נִיט פֶערְלָאזְט אֵיירֶע בְּרִידֶער דִיזֶע פִילֶע טֶעג, בִּיז צוּ דֶעם הֵיינְטִיגֶען טָאג, אוּנְד אִיהְר הָאט גֶעהִיט דיא הִיטוּנְג פוּן דֶעם גֶעבָּאט פוּן דֶעם הַאר אֵייעֶר גָאט׃ 4 אוּנְד אַצוּנְד הָאט דֶער הַאר אֵייעֶר גָאט גֶעגֶעבֶּען רוּה צוּ אֵיירֶע בְּרִידֶער אַזוֹי ווִיא עֶר הָאט זֵייא צוּגֶעזָאגְט, אוּנְד אַצוּנְד קֶעהְרְט אֵייךְ אוּם אוּנְד גֵייט צוּ אֵיירֶע גֶעצֶעלְטֶען אִין דֶעם לַאנְד פוּן אֵייעֶר בֶּעזִיץ, וָואס מֹשֶׁה דֶער קְנֶעכְט פוּן גָאט הָאט אֵייךְ גֶעגֶעבֶּען אוֹיף דֶער אַנְדֶערֶע זֵייט יַרְדֵן׃ 5 נוּר הִיט זֶעהְר צוּ טְהוּן דיא מִצְוָה פוּן דֶער תּוֹרָה וָואס מֹשֶׁה דֶער קְנֶעכְט פוּן גָאט הָאט אֵייךְ גֶעבָּאטֶען, צוּ לִיבֶּען דֶעם הַאר אֵייעֶר גָאט, אוּנְד צוּ גֵיין אִין אַלֶע זֵיינֶע וֶועגֶען, אוּנְד צוּ הִיטֶען זֵיינֶע מִצְוֹת, אוּנְד זִיךְ אָן אִיהְם צוּ בֶּעהֶעפְטֶען, אוּנְד אִיהְם צוּ דִינֶען מִיט אֵייעֶר גַאנְצֶען הַארְץ אוּנְד מִיט אֵיירֶע גַאנְצֶע זֶעלֶע׃ 6 אוּנְד יְהוֹשֻׁעַ הָאט זֵייא גֶעבֶּענְשְׁט אוּנְד הָאט זֵייא אַוֶועקְגֶעשִׁיקְט, אוּנְד זֵייא זֶענֶען גֶעגַאנְגֶען צוּ זֵייעֶרֶע גֶעצֶעלְטֶען׃ 7 אוּנְד צוּ אֵיין הַאלְבֶּען שֵׁבֶט פוּן מְנַשֶּׁה הָאט מֹשֶׁה גֶעגֶעבֶּען (אַ נַחֲלָה) אִין בָּשָׁן, אוּנְד צוּ דֶעם אַנְדֶערְן הַאלְבֶּען (שֵׁבֶט) הָאט יְהוֹשֻׁעַ גֶעגֶעבֶּען צְווִישֶׁען זֵייעֶרֶע בְּרִידֶער אוֹיף דֶער אַנְדֶערֶע זֵייט יַרְדֵן, קֶעגֶען מַעֲרָב־זֵייט, אוּנְד ווֶען יְהוֹשֻׁעַ הָאט זֵייא אוֹיךְ אַוֶועקְגֶעשִׁיקְט צוּ זֵייעֶרֶע גֶעצֶעלְטֶען אַזוֹי הָאט עֶר זֵייא גֶע־בֶּענְשְׁט׃ 8 אוּנְד עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, מִיט פִיל רֵייכְטוּם קֶעהְרְט צוּרִיק צוּ אֵיירֶע גֶעצֶעלְטֶער, אוּנְד מִיט זֶעהְר פִיל בְּהֵמוֹת, אוּנְד מִיט זִילְבֶּער, אוּנְד מִיט גָאלְד

אוּנְד

וּבִנְחֹשֶׁת וּבְבַרְזֶל וּבִשְׂלָמוֹת הַרְבֵּה מְאֹד חִלְקוּ שְׁלַל
אֹיְבֵיכֶם עִם־אֲחֵיכֶם׃ וַיָּשֻׁבוּ וַיֵּלְכוּ בְּנֵי־רְאוּבֵן וּבְנֵי־ 9
גָד וַחֲצִי ׀ שֵׁבֶט הַמְנַשֶּׁה מֵאֵת בְּנֵי יִשְׂרָאֵל מִשִּׁלֹה אֲשֶׁר־
בְּאֶרֶץ כְּנָעַן לָלֶכֶת אֶל־אֶרֶץ הַגִּלְעָד אֶל־אֶרֶץ אֲחֻזָּתָם
אֲשֶׁר נֹאחֲזוּ־בָהּ עַל־פִּי יְהוָה בְּיַד־מֹשֶׁה׃ וַיָּבֹאוּ אֶל־
גְּלִילוֹת הַיַּרְדֵּן אֲשֶׁר בְּאֶרֶץ כְּנָעַן וַיִּבְנוּ בְנֵי־רְאוּבֵן וּבְנֵי־
גָד וַחֲצִי שֵׁבֶט הַמְנַשֶּׁה שָׁם מִזְבֵּחַ עַל־הַיַּרְדֵּן מִזְבֵּחַ גָּדוֹל
לְמַרְאֶה׃ וַיִּשְׁמְעוּ בְנֵי־יִשְׂרָאֵל לֵאמֹר הִנֵּה־בָנוּ בְנֵי־רְאוּבֵן 11
וּבְנֵי־גָד וַחֲצִי שֵׁבֶט הַמְנַשֶּׁה אֶת־הַמִּזְבֵּחַ אֶל־מוּל אֶרֶץ
כְּנַעַן אֶל־גְּלִילוֹת הַיַּרְדֵּן אֶל־עֵבֶר בְּנֵי יִשְׂרָאֵל׃ וַיִּשְׁמְעוּ 12
בְּנֵי יִשְׂרָאֵל וַיִּקָּהֲלוּ כָּל־עֲדַת בְּנֵי־יִשְׂרָאֵל שִׁלֹה לַעֲלוֹת
עֲלֵיהֶם לַצָּבָא׃ וַיִּשְׁלְחוּ בְנֵי־יִשְׂרָאֵל אֶל־בְּנֵי־רְאוּבֵן 13
וְאֶל־בְּנֵי־גָד וְאֶל־חֲצִי שֵׁבֶט־מְנַשֶּׁה אֶל־אֶרֶץ הַגִּלְעָד אֶת־
פִּינְחָס בֶּן־אֶלְעָזָר הַכֹּהֵן׃ וַעֲשָׂרָה נְשִׂאִים עִמּוֹ נָשִׂיא אֶחָד 14
נָשִׂיא אֶחָד לְבֵית אָב לְכֹל מַטּוֹת יִשְׂרָאֵל וְאִישׁ רֹאשׁ
בֵּית־אֲבוֹתָם הֵמָּה לְאַלְפֵי יִשְׂרָאֵל׃ וַיָּבֹאוּ אֶל־בְּנֵי־רְאוּבֵן טו
וְאֶל־בְּנֵי־גָד וְאֶל־חֲצִי שֵׁבֶט־מְנַשֶּׁה אֶל־אֶרֶץ הַגִּלְעָד וַיְדַבְּרוּ
אִתָּם לֵאמֹר׃ כֹּה אָמְרוּ כֹּל ׀ עֲדַת יְהוָה מָה־הַמַּעַל 16
הַזֶּה אֲשֶׁר מְעַלְתֶּם בֵּאלֹהֵי יִשְׂרָאֵל לָשׁוּב הַיּוֹם מֵאַחֲרֵי
יְהוָה בִּבְנוֹתְכֶם לָכֶם מִזְבֵּחַ לִמְרָדְכֶם הַיּוֹם בַּיהוָה׃
הַמְעַט־לָנוּ אֶת־עֲוֺן פְּעוֹר אֲשֶׁר לֹא־הִטַּהַרְנוּ מִמֶּנּוּ עַד 17
הַיּוֹם הַזֶּה וַיְהִי הַנֶּגֶף בַּעֲדַת יְהוָה׃ וְאַתֶּם תָּשֻׁבוּ הַיּוֹם 18
מֵאַחֲרֵי יְהוָה וְהָיָה אַתֶּם תִּמְרְדוּ הַיּוֹם בַּיהוָה וּמָחָר אֶל־
כָּל־עֲדַת יִשְׂרָאֵל יִקְצֹף׃ וְאַךְ אִם־טְמֵאָה אֶרֶץ אֲחֻזַּתְכֶם 19
עִבְרוּ לָכֶם אֶל־אֶרֶץ אֲחֻזַּת יְהוָה אֲשֶׁר שָׁכַן־שָׁם מִשְׁכַּן
יְהוָה וְהֵאָחֲזוּ בְּתוֹכֵנוּ וּבַיהוָה אַל־תִּמְרֹדוּ וְאֹתָנוּ אַל־
תִּמְרֹדוּ בִּבְנֹתְכֶם לָכֶם מִזְבֵּחַ מִבַּלְעֲדֵי מִזְבַּח יְהוָה
אֱלֹהֵינוּ׃ הֲלוֹא ׀ עָכָן בֶּן־זֶרַח מָעַל מַעַל בַּחֵרֶם וְעַל־ כ

אוּנְד מִיט קוּפֶּער אוּנְד מִיט אֵייזֶען, אוּנְד מִיט זֶעהְר פִיל קְלֵיידֶער; טֵיילְט אֵייךְ דֶעם רוֹיבּ פוּן אֵייעֶרע פֵיינְד מִיט אֵייעֶרע בְּרִידֶער׃ 9 אוּנְד דִיא קִינְדֶער רְאוּבֵן, אוּנְד דִיא קִינְדֶער גָד, אוּנְד דֶער הַאלְבֶּער שֵׁבֶט מְנַשֶּׁה הָאבֶּען זִיךְ אוּמְגֶעקֶעהְרְט אוּנְד זַייא זֶענֶען אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען פוּן דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל פוּן שִׁלֹה, וָואס אִיז אִין דֶעם לַאנְד כְּנַעַן כְּדֵי צוּ גֵיין צוּ דֶעם לַאנְד פוּן גִלְעָד, צוּ דֶעם לַאנְד פוּן זַייעֶר בֶּעזִיץ, וָואס זַייא הָאבֶּען אִין בֶּעזִיץ גֶענוּמֶען נָאךְ דֶעם בֶּעפֶעהְל פוּן גָאט דוּרְךְ מֹשֶׁה׃ 10 אוּנְד וֶוען זַייא זֶענֶען גֶעקוּמֶען צוּ דִיא גְרֶענְעֶץ פוּן דֶעם יַרְדֵן וָואס אִיז אִין דֶעם לַאנְד כְּנַעַן, אַזוֹי הָאבֶּען דִיא קִינְדֶער פוּן רְאוּבֵן, אוּנְד דִיא קִינְדֶער פוּן גָד, אוּנְד דֶער הַאלְבֶּער שֵׁבֶט מְנַשֶּׁה דָארְט גֶעבּוֹיט אַ מִזְבֵּחַ בַּייא דֶעם יַרְדֵן, אַ גְרוֹיסֶען מִזְבֵּחַ אַז מֶען זָאל אִיהְם קֶענֶען זֶעהֶען׃ 11 אוּנְד דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל הָאבֶּען גֶעהֶערְט אַזוֹי צוּ זָאגֶען, זֶעה, דִיא קִינְדֶער פוּן רְאוּבֵן אוּנְד דִיא קִינְדֶער פוּן גָד, אוּנְד דֶער הַאלְבֶּער שֵׁבֶט מְנַשֶּׁה הָאבֶּען גֶעבּוֹיט דֶעם מִזְבֵּחַ קֶעגֶענאִיבֶּער דֶעם לַאנְד כְּנַעַן, בַּייא דִיא גְרֶענְעֶצֶען פוּן דֶעם יַרְדֵן, בַּייא דֶעם אִיבֶּער־גַאנְג פוּן דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל׃ 12 אוּנְד וֶוען דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל הָאבֶּען דָאס גֶעהֶערְט, אַזוֹי הָאט זִיךְ דִיא גַאנְצֶע גֶעמֵיינְדֶע פוּן דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל פֶערְזַאמֶעלְט אִין שִׁלֹה, צוּ זַייא אַרוֹיף צוּ גֵיין מִלְחָמָה צוּ הַאלְטֶען׃ 13 אַזוֹי הָאבֶּען דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל גֶעשִׁיקְט צוּ דִיא קִינְדֶער פוּן רְאוּבֵן, אוּנְד צוּ דִיא קִינְדֶער פוּן גָד, אוּנְד צוּ דֶעם הַאלְבֶּען שֵׁבֶט מְנַשֶּׁה צוּ דֶעם לַאנְד גִלְעָד, פִּנְחָס זוּהְן פוּן אֶלְעָזָר הַכֹּהֵן׃ 14 אוּנְד מִיט אִיהְם צֶעהְן נְשִׂיאִים, אֵיין נָשִׂיא פוּן אִיטְלִיכֶען הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן אַלֶע שְׁבָטִים פוּן יִשְׂרָאֵל, אוּנְד אִיטְלִיכֶער מַאן אִיז גֶעוֶועזֶען אֵיין אוֹיבֶּערְשְׁטֶער פוּן דֶעם הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן זֵיירֶע אָבוֹת צוּ דִיא טוֹיזֶענְדֶע פוּן יִשְׂרָאֵל׃ 15 אוּנְד וֶוען זַייא זֶענֶען גֶעקוּמֶען צוּ דִיא קִינְדֶער פוּן רְאוּבֵן אוּנְד צוּ דִיא קִינְדֶער פוּן גָד, אוּנְד צוּ דֶעם הַאלְבֶּען שֵׁבֶט מְנַשֶּׁה אִין דֶעם לַאנְד גִלְעָד אַזוֹי הָאבֶּען זַייא מִיט זַייא גֶערֶעט אַזוֹי צוּ זָאגֶען׃ 16 אַזוֹי זָאגְט דִיא גַאנְצֶע גֶעמֵיינְדֶע פוּן גָאט, וָואס אִיז דִיא דָאזִיגֶע זִינְד מִיט וָואס אִיהְר הָאט גֶעזִינְדִיגְט קֶעגֶען דֶעם גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל, הֵיינְט אָפּצוּקֶעהְרֶען נָאכְצוּפָאלְגֶען גָאט, דָאס אִיהְר הָאט אֵייךְ גֶעבּוֹיט אַ מִזְבֵּחַ, אַז אִיהְר זָאלְט הֵיינְט מוֹרֵד זַיין קֶעגֶען גָאט? 17 אִיז דֶען וֶוינְצִיג צוּ אוּנְס דִיא זִינְד פוּן פְּעוֹר, פוּן וֶועלְכֶע מִיר זֶענֶען נָאךְ נִיט גֶערֵיינִיגְט בִּיז צוּ דֶעם הֵיינְטִיגֶען טָאג, חָאטְשֶׁע עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אַ פְּלָאג אִין דֶער גֶעמֵיינְדֶע פוּן גָאט׃ 18 אוּנְד אִיהְר טְהוּט אֵייךְ הֵיינְט אַוֶועקְקֶעהְרֶען פוּן נָאכְצוּפָאלְגֶען גָאט? אוּנְד עֶס וֶועט זַיין וֶוען אִיהְר וֶועט הֵיינְט מוֹרֵד זַיין קֶעגֶען גָאט, אַזוֹי וֶועט גָאט מָארְגֶען צָארְנֶען אִיבֶּער דֶער גַאנְצֶער גֶעמֵיינְדֶע פוּן יִשְׂרָאֵל׃ 19 אוּנְד וֶוען דָאס לַאנְד פוּן אֵייעֶר בֶּעזִיץ וֶועט אוּמְרֵיין וֶוערֶען, אַזוֹי גֵייט אַרִיבֶּער צוּ דֶעם לַאנְד פוּן דֶעם בֶּעזִיץ פוּן גָאט, דָארְט וְואוּ דָאס מִשְׁכָּן פוּן גָאט רוּהְט, אוּנְד נֶעמְט בֶּעזִיץ צְוִוישֶׁען אוּנְס, אָבֶּער קֶעגֶען גָאט זָאלְט אִיהְר נִיט מוֹרֵד זַיין, אוּנְד קֶעגֶען אוּנְס זָאלְט אִיהְר נִיט מוֹרֵד זַיין, דָאס אִיהְר זָאלְט אֵייךְ בּוֹיעֶן אַ מִזְבֵּחַ חוּץ דֶעם מִזְבֵּחַ פוּן דֶעם הַאר אוּנְזֶער גָאט׃ 20 הָאט דֶען נִיט עָכָן דֶער זוּהְן פוּן זֶרַח בֶּעגַאנְגֶען אַ זִינְד אִין דֶעם חֵרֶם, אוּנְד

בלעת ישראל היה קצף והוא איש אחד לא גוע
21 בעונו: ויענו בני־ראובן ובני־גד וחצי שבט המנשה
22 וידברו את־ראשי אלפי ישראל: אל ׀ אלהים ׀ יהוה
אל ׀ אלהים ׀ יהוה הוא ידע וישראל הוא ידע אם־
23 במרד ואם־במעל ביהוה אל־תושיענו היום הזה: לבנות
לנו מזבח לשוב מאחרי יהוה ואם־להעלות עליו עולה
ומנחה ואם־לעשות עליו זבחי שלמים יהוה הוא יבקש:
24 ואם־לא מדאגה מדבר עשינו את־זאת לאמר מחר
יאמרו בניכם לבנינו לאמר מה־לכם וליהוה אלהי
כה ישראל: וגבול נתן־יהוה בינינו וביניכם בני־ראובן ובני־
גד את־הירדן אין־לכם חלק ביהוה והשביתו בניכם
26 את־בנינו לבלתי ירא את־יהוה: ונאמר נעשה־נא לנו
27 לבנות את־המזבח לא לעולה ולא לזבח: כי עד הוא
בינינו וביניכם ובין דורותינו אחרינו לעבד את־עבדת
יהוה לפניו בעלותינו ובזבחינו ובשלמינו ולא־יאמרו
28 בניכם מחר לבנינו אין־לכם חלק ביהוה: ונאמר והיה
כי־יאמרו אלינו ואל־דרתינו מחר ואמרנו ראו את־
תבנית מזבח יהוה אשר־עשו אבותינו לא לעולה ולא
29 לזבח כי־עד הוא בינינו וביניכם: חלילה לנו ממנו
למרד ביהוה ולשוב היום מאחרי יהוה לבנות מזבח
לעלה למנחה ולזבח מלבד מזבח יהוה אלהינו אשר
ל לפני משכנו: וישמע פינחס הכהן ונשיאי העדה
וראשי אלפי ישראל אשר אתו את־הדברים אשר
דברו בני־ראובן ובני־גד ובני מנשה וייטב בעיניהם:
31 ויאמר פינחס בן־אלעזר הכהן אל־בני ראובן ואל־
בני־גד ואל־בני מנשה היום ידענו כי־בתוכנו יהוה
אשר לא־מעלתם ביהוה המעל הזה אז הצלתם את־
32 בני ישראל מיד יהוה: וישב פינחס בן־אלעזר הכהן ׀

דער צארן איז געוועזען איבער דער גאנצער געמיינדע פון ישראל? אונד דער איינער מאן איז ניט אליין פערגאנגען אין זיינע זינד: 21 אונד דיא קינדער ראובן, אונד דיא קינדער גד, אונד דער האלבער שבט מנשה האבען געענטפערט אונד האבען גערעדט מיט דיא אויבערשטע פון דיא טויזענדע פון ישראל: 22 (אל אלהים יהוה, אל אלהים יהוה,) גאט, גאט, יהוה, גאט, גאט, יהוה, ער ווייס, אונד ישראל ער זאל עס וויסען, אויב מיר האבען עס געטהון וועגען ווידערשפעניגקייט אדער וועגען איבערטרעטונג קעגען גאט, אזוי זאלסט דוא אונס ניט העלפען דעם היינטיגען טאג: 23 דאס מיר האבען אונס געבויט א מזבח אפצוקעהרען פון נאכצופאלגען גאט, אדער אויפצוברענגען בראנד־אפפער, אונד שפייז־אפפער, אדער ווען מיר דארויף טהון פריד־אפפער זאל עס גאט אליין פארדערן: 24 אונד ווען מיר האבען דיזעס ניט געטהון וועגען דער מורא פון דער זאך זאגענדיג, מארגען וועלען איירע קינדער זאגען צו אונזערע קינדער, אזוי צו זאגען, וואס איז דאס צו אייך אונד צו דעם האר דעם גאט פון ישראל? 25 ווארין גאט האט געמאכט דעם ירדן א גרענעץ צווישען אונס אונד צווישען אייך, איהר קינדער פון ראובן, אונד קינדער פון גד; איהר האט ניט קיין חלק אין גאט, אזוי וועלען איירע קינדער אונזערע קינדער מאכען אויפהערען גאט צו פארכטען: 26 דאריבער האבען מיר געזאגט, מיר וועלען אונס יעצט פארברייטען צו בויען א מזבח, ניט צו בראנד־אפפער, אונד ניט צו שלאכט־אפפער: 27 נייערט ער זאל זיין פאר אן עדות צווישען אונס אונד אייך, אונד אונזערע דורות וואס וועלען זיין נאך אונס, צו דינען דעם דינסט פון גאט פאר איהם, מיט אונזערע בראנד־אפפער, אונד מיט אונזערע שלאכט־אפפער, אונד מיט אונזערע פריד־אפפער, דאס איירע קינדער זאלען ניט מארגען זאגען צו אונזערע קינדער, איהר האט ניט קיין חלק אין גאט: 28 דאריבער האבען מיר געזאגט, אונד עס וועט זיין ווען זייא וועלען אזוי צו אונס אונד צו אונזערע דורות זאגען, דאס מיר מעגען (אויך) זאגען, זעהט, דיא געשטאלט פון דעם מזבח פון גאט וואס אונזערע אבות האבען געמאכט, ניט פאר בראנד־אפפער אונד ניט פאר שלאכט־אפפער, נייערט ער זאל זיין פאר אן עדות צווישען אונס אונד צווישען אייך: 29 חלילה פון אונס, אז מיר זאלען מורד זיין קעגען גאט אפצוקעהרען היינט פון גאט נאכצופאלגען, צו בויען א מזבח פאר בראנד־אפפער, פאר שפייז־אפפער, אונד פאר שלאכט־אפפער, חוץ דעם מזבח פון יהוה אונזער גאט, וואס איז פאר זיין משכן: 30 אונד ווען פנחס הכהן, אונד דיא נשיאים פון דער געמיינדע אונד דיא אויבערשטע פון דיא טויזענדע פון ישראל האבען געהערט דיא ווערטער וואס דיא קינדער ראובן אונד דיא קינדער גד, אונד דיא קינדער מנשה האבען גערעדט, איז עס זייא וואוילגעפאלען אין זיירע אויגען: 31 אונד פנחס, דער זוהן פון אלעזר הכהן האט געזאגט צו דיא קינדער פון ראובן, אונד צו דיא קינדער גד, אונד צו דיא קינדער מנשה, היינט ווייסען מיר אז גאט איז צווישען אונס, אונד דאס איהר האט ניט גע־זינדיגט קעגען גאט מיט דיא דאזיגע זינד, דענסטמאל האט איהר מציל געוועזען דיא קינדער ישראל פון גאט'ס האנד: 32 אונד פנחס, דער זוהן פון אלעזר הכהן,

אונד

אוּנְד דִיא נְשִׂיאִים הָאבֶּען זִיךְ אוּמְגֶע־
קֶעהְרְט פוּן דִיא קִינְדֶער רְאוּבֵן, אוּנְד
פוּן דִיא קִינְדֶער גָד פוּן דֶעם לַאנְד גִלְעָד
צוּ דֶעם לַאנְד כְּנַעַן, צוּ דִיא קִינְדֶער
יִשְׂרָאֵל, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען צוּרִיקְגֶעבְּרַאכְט
אַן עֶנְטְפֶער: 33 אוּנְד דִיא זַאךְ אִיז
וְואוֹילְגֶעפֶאלֶען אִין דִיא אוֹיגֶען פוּן דִיא
קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל, אוּנְד דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל
הָאבֶּען גֶעבֶּענְשְׁט גָאט, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען
נִיט מֶעהְר גֶעטְרַאכְט קֶעגֶען זֵייא אַרוֹיפְ־
צוּגֵיין מִלְחָמָה צוּ הַאלְטֶען, אוּנְד דָאס
לַאנְד צוּ פֶערְדַארְבֶּען, וָואס דִיא קִינְדֶער
פוּן רְאוּבֵן אוּנְד דִיא קִינְדֶער פוּן גָד
וְואוֹינֶען דַארִין: 34 אוּנְד דִיא קִינְדֶער
פוּן רְאוּבֵן אוּנְד דִיא קִינְדֶער פוּן גָד
הָאבֶּען גֶערוּפֶען דֶעם מִזְבֵּחַ עֵד, וָוארִין
עֶר אִיז אַן עֵדוּת צְוִוישֶׁען אוּנְס, אַז דֶער
הַאר אִיז גָאט:

## קאפיטעל כג

1 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען נָאךְ פִילֶע טֶעג
אַז גָאט הָאט גֶעמַאכְט יִשְׂרָאֵל רוּהֶען
פוּן אַלֶע זֵיירֶע פֵיינְד רִינְגְסאַרוּם, אוּנְד יְהוֹשֻׁעַ אִיז אַלְט גֶעוָוארֶען: 2 אַזוֹי הָאט
יְהוֹשֻׁעַ גֶערוּפֶען גַאנְץ יִשְׂרָאֵל, זֵיירֶע עֶלְצְטֶע, אוּנְד זֵיירֶע הוֹיפְּטְלַייט, אוּנְד זֵיירֶע
שׁוֹפְטִים, אוּנְד זֵיירֶע בֶּעאַמְטֶע, אוּנְד עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, אִיךְ בִּין אַלְט,
אִיךְ בִּין גֶעקוּמֶען אִין טֶעג: 3 אוּנְד אִיהְר הָאט גֶעזֶעהֶען אַלֶעס וָואס דֶער הַאר אֵייעֶר
גָאט הָאט גֶעטְהוּן צוּ אַלֶע דִיא דָאזִיגֶע פֶעלְקֶער פַאר אֵייךְ; וָוארִין דֶער הַאר אֵייעֶר
גָאט הָאט פַאר אֵייךְ מִלְחָמָה גֶעהַאלְטֶען: 4 זֶעהְט, אִיךְ הָאבּ צוּ אֵייךְ גֶעלָאזְט פַאלֶען
אַלְס אַ נַחֲלָה צוּ אֵיירֶע שְׁבָטִים דִיא דָאזִיגֶע פֶעלְקֶער וָואס זֶענֶען אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּען,
פוּן דֶעם יַרְדֵן, אוּנְד אַלֶע פֶעלְקֶער וָואס אִיךְ הָאבּ פֶערְשְׁנִיטֶען, אוּנְד דָאס יַם הַגָּדוֹל
וְואוּ דִיא זוּן גֵייט אוּנְטֶער: 5 אוּנְד דֶער הַאר אֵייעֶר גָאט, עֶר וֶועט זֵייא פֶערְשְׁטוֹי־
סֶען פַאר אֵייךְ, אוּנְד וֶועט זֵייא פָאר אֵייךְ פֶערְטְרֵייבֶּען, אוּנְד אִיהְר וֶועט יַרְשְׁנ'ן זֵייעֶר
לַאנְד, אַזוֹי וִויא דֶער הַאר אֵייעֶר גָאט הָאט אֵייךְ צוּגֶעזָאגְט: 6 אַזוֹי שְׁטַארְקְט אֵייךְ
זֶעהְר צוּ הִיטֶען אוּנְד צוּ טְהוּן אַלֶעס וָואס שְׁטֵייט גֶעשְׁרִיבֶּען אִין דֶעם סֵפֶר תּוֹרַת
מֹשֶׁה, אַז אִיהְר זָאלְט נִיט אָפְּקֶעהְרֶען אוֹיף דֶער רֶעכְטֶער זֵייט אָדֶער אוֹיף דֶער
לִינְקֶער זֵייט: 7 אַז אִיהְר זָאלְט נִיט קוּמֶען צְוִוישֶׁען דִיא דָאזִיגֶע פֶעלְקֶער, דִיא
דָאזִיגֶע וָואס זֶענֶען אוּנְטֶער אֵייךְ אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּען, אוּנְד אִיהְר זָאלְט נִיט דֶערְ־
מַאנֶען דֶעם נָאמֶען פוּן זֵיירֶע אָפְּגֶעטֶער, אוּנְד אִיהְר זָאלְט נִיט בַּייא זֵייא
שְׁוֶוערֶען, אוּנְד אִיהְר זָאלְט זֵייא נִיט דִינֶען, אוּנְד אִיהְר זָאלְט אֵייךְ נִיט צוּ זֵייא
בִּיקֶען: 8 נֵייעֶרְט אַן דֶעם הַאר אֵייעֶר גָאט זָאלְט אִיהְר אֵייךְ בֶּעהֶעפְטֶען, אַזוֹי
וִויא אִיהְר הָאט גֶעטְהוּן בִּיז צוּ דֶעם הֵיינְטִיגֶען טָאג: 9 וָוארִין גָאט הָאט וֶועט פָאר
אֵייךְ פֶערְטְרֵייבֶּען גְרוֹיסֶע אוּנְד שְׁטַארְקֶע פֶעלְקֶער, אָבֶּער פָאר אֵייךְ הָאט דָאךְ
קֵיין מֶענְשׁ נִיט גֶעקֶענְט בֶּעשְׁטֵיין בִּיז צוּ דֶעם הֵיינְטִיגֶען טָאג: 10 אֵיין
מַאן פוּן אֵייךְ וֶועט נָאכְיָאגֶען אַ טוֹיזֶענְד, וָוארִין דֶער הַאר אֵייעֶר גָאט וֶועט
פַאר אֵייךְ מִלְחָמָה הַאלְטֶען, אַזוֹי וִויא עֶר הָאט אֵייךְ צוּגֶעזָאגְט: 11 דַארוּם
זָאלְט אִיהְר אֵייךְ זֶעהְר הִיטֶען, צוּ לִיבֶּען דֶעם הַאר אֵייעֶר גָאט: 12 וָוארִין

וְהַנְּשִׂיאִים מֵאֵת בְּנֵי־רְאוּבֵן וּמֵאֵת בְּנֵי־גָד מֵאֶרֶץ הַגִּלְעָד
33 אֶל־אֶרֶץ כְּנַעַן אֶל־בְּנֵי יִשְׂרָאֵל וַיָּשִׁבוּ אוֹתָם דָּבָר: וַיִּיטַב
הַדָּבָר בְּעֵינֵי בְּנֵי יִשְׂרָאֵל וַיְבָרְכוּ אֱלֹהִים בְּנֵי יִשְׂרָאֵל וְלֹא
אָמְרוּ לַעֲלוֹת עֲלֵיהֶם לַצָּבָא לְשַׁחֵת אֶת־הָאָרֶץ אֲשֶׁר בְּנֵי־
34 רְאוּבֵן וּבְנֵי־גָד יֹשְׁבִים בָּהּ: וַיִּקְרְאוּ בְּנֵי־רְאוּבֵן וּבְנֵי־גָד
לַמִּזְבֵּחַ כִּי עֵד הוּא בֵּינֹתֵינוּ כִּי יְהוָה הָאֱלֹהִים:

כג

א וַיְהִי מִיָּמִים רַבִּים אַחֲרֵי אֲשֶׁר־הֵנִיחַ יְהוָה לְיִשְׂרָאֵל מִכָּל־
2 אֹיְבֵיהֶם מִסָּבִיב וִיהוֹשֻׁעַ זָקֵן בָּא בַּיָּמִים: וַיִּקְרָא יְהוֹשֻׁעַ
לְכָל־יִשְׂרָאֵל לִזְקֵנָיו וּלְרָאשָׁיו וּלְשֹׁפְטָיו וּלְשֹׁטְרָיו וַיֹּאמֶר
3 אֲלֵהֶם אֲנִי זָקַנְתִּי בָּאתִי בַּיָּמִים: וְאַתֶּם רְאִיתֶם אֵת כָּל־
אֲשֶׁר עָשָׂה יְהוָה אֱלֹהֵיכֶם לְכָל־הַגּוֹיִם הָאֵלֶּה מִפְּנֵיכֶם
4 כִּי יְהוָה אֱלֹהֵיכֶם הוּא הַנִּלְחָם לָכֶם: רְאוּ הִפַּלְתִּי לָכֶם
אֶת־הַגּוֹיִם הַנִּשְׁאָרִים הָאֵלֶּה בְּנַחֲלָה לְשִׁבְטֵיכֶם מִן־הַיַּרְדֵּן
וְכָל־הַגּוֹיִם אֲשֶׁר הִכְרַתִּי וְהַיָּם הַגָּדוֹל מְבוֹא הַשָּׁמֶשׁ:
ה וַיהוָה אֱלֹהֵיכֶם הוּא יֶהְדֳּפֵם מִפְּנֵיכֶם וְהוֹרִישׁ אֹתָם
מִלִּפְנֵיכֶם וִירִשְׁתֶּם אֶת־אַרְצָם כַּאֲשֶׁר דִּבֶּר יְהוָה אֱלֹהֵיכֶם
6 לָכֶם: וַחֲזַקְתֶּם מְאֹד לִשְׁמֹר וְלַעֲשׂוֹת אֵת כָּל־הַכָּתוּב
בְּסֵפֶר תּוֹרַת מֹשֶׁה לְבִלְתִּי סוּר־מִמֶּנּוּ יָמִין וּשְׂמֹאול:
7 לְבִלְתִּי־בוֹא בַּגּוֹיִם הָאֵלֶּה הַנִּשְׁאָרִים הָאֵלֶּה אִתְּכֶם
וּבְשֵׁם אֱלֹהֵיהֶם לֹא־תַזְכִּירוּ וְלֹא תַשְׁבִּיעוּ וְלֹא תַעַבְדוּם
8 וְלֹא תִשְׁתַּחֲווּ לָהֶם: כִּי אִם־בַּיהוָה אֱלֹהֵיכֶם תִּדְבָּקוּ
9 כַּאֲשֶׁר עֲשִׂיתֶם עַד הַיּוֹם הַזֶּה: וַיּוֹרֶשׁ יְהוָה מִפְּנֵיכֶם
גּוֹיִם גְּדֹלִים וַעֲצוּמִים וְאַתֶּם לֹא־עָמַד אִישׁ בִּפְנֵיכֶם עַד
י הַיּוֹם הַזֶּה: אִישׁ־אֶחָד מִכֶּם יִרְדָּף־אָלֶף כִּי יְהוָה
11 אֱלֹהֵיכֶם הוּא הַנִּלְחָם לָכֶם כַּאֲשֶׁר דִּבֶּר לָכֶם: וְנִשְׁמַרְתֶּם
12 מְאֹד לְנַפְשֹׁתֵיכֶם לְאַהֲבָה אֶת־יְהוָה אֱלֹהֵיכֶם: כִּי אִם־

שׁוֹב תָּשׁוּבוּ וּדְבַקְתֶּם בְּיֶתֶר הַגּוֹיִם הָאֵלֶּה הַנִּשְׁאָרִים
הָאֵלֶּה אִתְּכֶם וְהִתְחַתַּנְתֶּם בָּהֶם וּבָאתֶם בָּהֶם וְהֵם בָּכֶם:
13 יָדוֹעַ תֵּדְעוּ כִּי לֹא יוֹסִיף יְהוָה אֱלֹהֵיכֶם לְהוֹרִישׁ אֶת־
הַגּוֹיִם הָאֵלֶּה מִלִּפְנֵיכֶם וְהָיוּ לָכֶם לְפַח וּלְמוֹקֵשׁ וּלְשֹׁטֵט
בְּצִדֵּיכֶם וְלִצְנִנִים בְּעֵינֵיכֶם עַד אֲבָדְכֶם מֵעַל הָאֲדָמָה
14 הַטּוֹבָה הַזֹּאת אֲשֶׁר נָתַן לָכֶם יְהוָה אֱלֹהֵיכֶם: וְהִנֵּה
אָנֹכִי הוֹלֵךְ הַיּוֹם בְּדֶרֶךְ כָּל־הָאָרֶץ וִידַעְתֶּם בְּכָל־לְבַבְכֶם
וּבְכָל נַפְשְׁכֶם כִּי לֹא־נָפַל דָּבָר אֶחָד מִכֹּל ׀ הַדְּבָרִים
הַטּוֹבִים אֲשֶׁר דִּבֶּר יְהוָה אֱלֹהֵיכֶם עֲלֵיכֶם הַכֹּל בָּאוּ לָכֶם
טו לֹא־נָפַל מִמֶּנּוּ דָּבָר אֶחָד: וְהָיָה כַּאֲשֶׁר־בָּא עֲלֵיכֶם כָּל־
הַדָּבָר הַטּוֹב אֲשֶׁר דִּבֶּר יְהוָה אֱלֹהֵיכֶם אֲלֵיכֶם כֵּן יָבִיא
יְהוָה עֲלֵיכֶם אֵת כָּל־הַדָּבָר הָרָע עַד־הַשְׁמִידוֹ אוֹתְכֶם
מֵעַל הָאֲדָמָה הַטּוֹבָה הַזֹּאת אֲשֶׁר נָתַן לָכֶם יְהוָה
16 אֱלֹהֵיכֶם: בְּעָבְרְכֶם אֶת־בְּרִית יְהוָה אֱלֹהֵיכֶם אֲשֶׁר צִוָּה
אֶתְכֶם וַהֲלַכְתֶּם וַעֲבַדְתֶּם אֱלֹהִים אֲחֵרִים וְהִשְׁתַּחֲוִיתֶם
לָהֶם וְחָרָה אַף־יְהוָה בָּכֶם וַאֲבַדְתֶּם מְהֵרָה מֵעַל הָאָרֶץ
הַטּוֹבָה אֲשֶׁר נָתַן לָכֶם:

כד
כד

א וַיֶּאֱסֹף יְהוֹשֻׁעַ אֶת־כָּל־שִׁבְטֵי יִשְׂרָאֵל שְׁכֶמָה וַיִּקְרָא
לְזִקְנֵי יִשְׂרָאֵל וּלְרָאשָׁיו וּלְשֹׁפְטָיו וּלְשֹׁטְרָיו וַיִּתְיַצְּבוּ לִפְנֵי
2 הָאֱלֹהִים: וַיֹּאמֶר יְהוֹשֻׁעַ אֶל־כָּל־הָעָם כֹּה־אָמַר יְהוָה
אֱלֹהֵי יִשְׂרָאֵל בְּעֵבֶר הַנָּהָר יָשְׁבוּ אֲבוֹתֵיכֶם מֵעוֹלָם תֶּרַח
3 אֲבִי אַבְרָהָם וַאֲבִי נָחוֹר וַיַּעַבְדוּ אֱלֹהִים אֲחֵרִים: וָאֶקַּח
אֶת־אֲבִיכֶם אֶת־אַבְרָהָם מֵעֵבֶר הַנָּהָר וָאוֹלֵךְ אוֹתוֹ בְּכָל־
4 אֶרֶץ כְּנָעַן וָאַרְבֶּה אֶת־זַרְעוֹ וָאֶתֶּן־לוֹ אֶת־יִצְחָק: וָאֶתֵּן
לְיִצְחָק אֶת־יַעֲקֹב וְאֶת־עֵשָׂו וָאֶתֵּן לְעֵשָׂו אֶת־הַר שֵׂעִיר
ה לָרֶשֶׁת אוֹתוֹ וְיַעֲקֹב וּבָנָיו יָרְדוּ מִצְרָיִם: וָאֶשְׁלַח אֶת־

וָוען אִיהְר וָועט אַוֶועקְקֶעהְרֶען אוּנְד אֵייךְ בֶּעהֶעפְטֶען אַן דִיא דָאזִיגֶע גוֹיִם, דִיא דָאזִיגֶע וָואס זֶענֶען צְווִישֶׁען אֵייךְ אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּען, אוּנְד אִיהְר וֶועט אֵייךְ מִיט זֵייא מִתְחַתֵּן זֵיין, אוּנְד אִיהְר וֶועט צוּ זֵייא אַרֵיינְקוּמֶען אוּנְד זֵייא צוּ אֵייךְ: 13 אַזוֹי זָאלְט אִיהְר גֶעווִים ווִיסֶען אַז דֶער הַאר אֵייעֶר גָאט וֶועט נִיט מֶעהְר פֶּערְטְרֵייבֶּען דִיא דָאזִיגֶע פֶעלְקֶער פָאר אֵייךְ, נֵייעֶרְט זֵייא וֶועלֶען צוּ אֵייךְ זֵיין פַאר אַ נֶעץ אוּנְד צוּ אַ שְׁטְרוֹיכְלוּנְג, אוּנְד צוּ אַ בֵּייטְשׁ אַן אֵיירֶע זֵייטֶען, אוּנְד צוּ דֶערְנֶער אִין אֵיירֶע אוֹיגֶען, בִּיז אִיהְר וֶועט פֶערְטִילְגְט ווֶערֶען פוּן דֶעם דָאזִיגֶען גוּטֶען לַאנְד וָואס דֶער הַאר אֵייעֶר גָאט הָאט אֵייךְ גֶעגֶעבֶּען: 14 אוּנְד זֶעהְט, אִיךְ גֵייא הֵיינְט דֶעם וֶועג פוּן דֶער גַאנְצֶער וֶועלְט, אוּנְד אִיהְר ווֵייסְט מִיט אֵייעֶר גַאנְצֶען הַארְץ אוּנְד מִיט אֵיירֶע גַאנְצֶער זֶעלֶע, אַז עֶס הָאט נִיט גֶעפֶעהְלְט אֵיין וָוארְט פוּן אַלֶע גוּטֶע ווֶערְטֶער וָואס דֶער הַאר אֵייעֶר גָאט הָאט ווֶעגֶען אֵייךְ גֶערֶעט, אַלֶעס אִיז צוּ אֵייךְ גֶעקוּמֶען, עֶס הָאט נִיט דֶערְפוּן גֶעפֶעהְלְט אֵיין וָוארְט: 15 אוּנְד עֶס וֶועט זֵיין, ווֶען אַלֶע גוּטֶע זַאכֶען זֶענֶען אִיבֶּער אֵייךְ גֶעקוּמֶען וָואס דֶער הַאר אֵייעֶר גָאט הָאט אֵייךְ צוּגֶעזָאגְט, אַזוֹי וֶועט גָאט אוֹיךְ אִיבֶּער אֵייךְ בְּרֶענְגֶען אַלֶע שְׁלֶעכְטֶע זַאכֶען, בִּיז עֶר וֶועט אֵייךְ פֶערְטִילְגֶען פוּן דֶעם דָאזִיגֶען גוּטֶען לַאנְד וָואס דֶער הַאר אֵייעֶר גָאט הָאט אֵייךְ גֶעגֶעבֶּען: 16 ווֶען אִיהְר וָועט עוֹבֵר זֵיין דֶעם בְּרִית פוּן דֶעם הַאר אֵייעֶר גָאט וָואס עֶר הָאט אֵייךְ גֶעבָּאטֶען, אוּנְד אִיהְר וֶועט גֵיין אוּנְד וֶועט דִינֶען אַנְדֶערֶע גֶעטֶער, אוּנְד אִיהְר וֶועט אֵייךְ צוּ זֵייא בִּיקֶען, אַזוֹי וֶועט דֶער צָארְן פוּן גָאט דֶערְגְרִימֶען קֶעגֶען אֵייךְ, אוּנְד אִיהְר וֶועט גֶעשְׁווִינְד פֶערְלוֹירֶען ווֶערֶען פוּן דֶעם גוּטֶען לַאנְד וָואס עֶר הָאט צוּ אֵייךְ גֶעגֶעבֶּען:

## קאפיטעל כד

1 אוּנְד יְהוֹשֻׁעַ הָאט אֵיינְגֶעזַאמֶעלְט אַלֶע שְׁבָטִים פוּן יִשְׂרָאֵל קֵיין שְׁכֶם, אוּנְד עֶר הָאט גֶערוּפֶען דִיא עֶלְצְטֶע פוּן יִשְׂרָאֵל, אוּנְד זֵיירֶע הוֹיפְּטְלֵייט, אוּנְד זֵיירֶע שׁוֹפְטִים אוּנְד זֵיירֶע בֶּעאַמְטֶע, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זִיךְ גֶעשְׁטֶעלְט פָאר גָאט: 2 אוּנְד יְהוֹשֻׁעַ הָאט גֶעזָאגְט צוּ דֶעם גַאנְצֶען פָאלְק, אַזוֹי הָאט גֶעזָאגְט דֶער הַאר דֶער גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל, אוֹיף יֶענֶער זֵייט פוּן דֶעם שְׁטְרוֹים הָאבֶּען אֵיירֶע עֶלְטֶערְן גֶעווָאוֹינְט פוּן אֵייבִּיג אָן, תֶּרַח דֶער פָאטֶער פוּן אַבְרָהָם, אוּנְד דֶער פָאטֶער פוּן נָחוֹר, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעדִינְט פְרֶעמְדֶע אָפְּגֶעטֶער: 3 אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶענוּמֶען אֵייעֶר פָאטֶער אַבְרָהָם פוּן יֶענֶער זֵייט שְׁטְרוֹים, אוּנְד אִיךְ הָאבּ אִיהְם דוּרְכְגֶעפִיהְרְט דוּרְךְ דֶעם גַאנְצֶען לַאנְד כְּנַעַן, אוּנְד הָאבּ גֶעמֶעהְרְט זֵיין זָאמֶען, אוּנְד אִיךְ הָאבּ אִיהְם גֶעגֶעבֶּען יִצְחָק: 4 אוּנְד צוּ יִצְחָק הָאבּ אִיךְ גֶעגֶעבֶּען יַעֲקֹב אוּנְד עֵשָׂו, אוּנְד צוּ עֵשָׂו הָאבּ אִיךְ גֶעגֶעבֶּען דֶעם בַּארְג שֵׂעִיר אַז עֶר זָאל עֶס יַרְשְׁנֶ'ן, אָבֶּער יַעֲקֹב אוּנְד זֵיינֶע קִינְדֶער זֶענֶען אַרוּפְּגֶעגַאנְגֶען קֵיין מִצְרַיִם: 5 אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעשִׁיקְט

מֹשֶׁה וְאֶת־אַהֲרֹן וָאֶגֹּף אֶת־מִצְרַיִם כַּאֲשֶׁר עָשִׂיתִי בְּקִרְבּוֹ
6 וְאַחַר הוֹצֵאתִי אֶתְכֶם׃ וָאוֹצִיא אֶת־אֲבוֹתֵיכֶם מִמִּצְרַיִם
וַתָּבֹאוּ הַיָּמָּה וַיִּרְדְּפוּ מִצְרַיִם אַחֲרֵי אֲבוֹתֵיכֶם בְּרֶכֶב
7 וּבְפָרָשִׁים יַם־סוּף׃ וַיִּצְעֲקוּ אֶל־יְהוָה וַיָּשֶׂם מַאֲפֵל
בֵּינֵיכֶם ׀ וּבֵין הַמִּצְרִים וַיָּבֵא עָלָיו אֶת־הַיָּם וַיְכַסֵּהוּ
וַתִּרְאֶינָה עֵינֵיכֶם אֵת אֲשֶׁר־עָשִׂיתִי בְּמִצְרָיִם וַתֵּשְׁבוּ
8 בַמִּדְבָּר יָמִים רַבִּים׃ וָאָבִאָה אֶתְכֶם אֶל־אֶרֶץ הָאֱמֹרִי
הַיּוֹשֵׁב בְּעֵבֶר הַיַּרְדֵּן וַיִּלָּחֲמוּ אִתְּכֶם וָאֶתֵּן אוֹתָם בְּיֶדְכֶם
9 וַתִּירְשׁוּ אֶת־אַרְצָם וָאַשְׁמִידֵם מִפְּנֵיכֶם׃ וַיָּקָם בָּלָק בֶּן־
צִפּוֹר מֶלֶךְ מוֹאָב וַיִּלָּחֶם בְּיִשְׂרָאֵל וַיִּשְׁלַח וַיִּקְרָא לְבִלְעָם
י בֶּן־בְּעוֹר לְקַלֵּל אֶתְכֶם׃ וְלֹא אָבִיתִי לִשְׁמֹעַ לְבִלְעָם וַיְבָרֶךְ
11 בָּרוֹךְ אֶתְכֶם וָאַצִּל אֶתְכֶם מִיָּדוֹ׃ וַתַּעַבְרוּ אֶת־הַיַּרְדֵּן
וַתָּבֹאוּ אֶל־יְרִיחוֹ וַיִּלָּחֲמוּ בָכֶם בַּעֲלֵי־יְרִיחוֹ הָאֱמֹרִי
וְהַפְּרִזִּי וְהַכְּנַעֲנִי וְהַחִתִּי וְהַגִּרְגָּשִׁי הַחִוִּי וְהַיְבוּסִי וָאֶתֵּן
12 אוֹתָם בְּיֶדְכֶם׃ וָאֶשְׁלַח לִפְנֵיכֶם אֶת־הַצִּרְעָה וַתְּגָרֶשׁ
אוֹתָם מִפְּנֵיכֶם שְׁנֵי מַלְכֵי הָאֱמֹרִי לֹא בְחַרְבְּךָ וְלֹא
13 בְקַשְׁתֶּךָ׃ וָאֶתֵּן לָכֶם אֶרֶץ ׀ אֲשֶׁר לֹא־יָגַעְתָּ בָּהּ וְעָרִים
אֲשֶׁר לֹא־בְנִיתֶם וַתֵּשְׁבוּ בָּהֶם כְּרָמִים וְזֵיתִים אֲשֶׁר לֹא־
14 נְטַעְתֶּם אַתֶּם אֹכְלִים׃ וְעַתָּה יְראוּ אֶת־יְהוָה וְעִבְדוּ אֹתוֹ
בְּתָמִים וּבֶאֱמֶת וְהָסִירוּ אֶת־אֱלֹהִים אֲשֶׁר עָבְדוּ אֲבוֹתֵיכֶם
טו בְּעֵבֶר הַנָּהָר וּבְמִצְרַיִם וְעִבְדוּ אֶת־יְהוָה׃ וְאִם רַע
בְּעֵינֵיכֶם לַעֲבֹד אֶת־יְהוָה בַּחֲרוּ לָכֶם הַיּוֹם אֶת־מִי
תַעֲבֹדוּן אִם אֶת־אֱלֹהִים אֲשֶׁר־עָבְדוּ אֲבוֹתֵיכֶם אֲשֶׁר
בְּעֵבֶר הַנָּהָר וְאִם אֶת־אֱלֹהֵי הָאֱמֹרִי אֲשֶׁר אַתֶּם יֹשְׁבִים
16 בְּאַרְצָם וְאָנֹכִי וּבֵיתִי נַעֲבֹד אֶת־יְהוָה׃ וַיַּעַן הָעָם וַיֹּאמֶר
17 חָלִילָה לָּנוּ מֵעֲזֹב אֶת־יְהוָה לַעֲבֹד אֱלֹהִים אֲחֵרִים׃ כִּי
יְהוָה אֱלֹהֵינוּ הוּא הַמַּעֲלֶה אֹתָנוּ וְאֶת־אֲבוֹתֵינוּ מֵאֶרֶץ

מֹשֶׁה אוּנְד אַהֲרֹן, אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעשְׁלָאגֶען מִצְרַיִם, גְרָאד אַזוֹי וִויא אִיךְ הָאבּ צְווִישֶׁען זַייא בֶּעטְהוּן, אוּנְד דֶערְנָאךְ הָאבּ אִיךְ אַייךְ אַרוֹיסְגֶעבְּרַאכְט: 6 אוּנְד אִיךְ הָאבּ אֵיירֶע עֶלְטֶערְן אַרוֹיסְגֶעבְּרַאכְט אוֹיס מִצְרַיִם, אוּנְד וֶוען אִיהְר זֶענְט גֶעקוּמֶען צוּ דֶעם יַם אַזוֹי הָאבֶּען דִיא מִצְרַיִם אֵיירֶע עֶלְטֶערְן נָאכְגֶעיָאגְט מִיט רַייטְוֶועגֶען אוּנְד מִיט רַייטֶער בִּיז צוּ דֶעם יַם סוּף: 7 אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶעשְׁרִיעֶן צוּ גָאט, אַזוֹי הָאט עֶר גֶעמַאכְט אַ פִינְסְטֶערְנִיס צְווִישֶׁען זַייא אוּנְד צְווִישֶׁען דִיא מִצְרַיִם, אוּנְד עֶר הָאט אִיבֶּער זַייא גֶעבְּרֶענְגְט דָאס יַם, אוּנְד עֶס הָאט זַייא בֶּעדֶעקְט; אוּנְד אֵיירֶע אוֹיגֶען הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעטְהוּן אַן מִצְרַיִם; אוּנְד אִיהְר הָאט גֶעווָאוֹינְט אִין דֶער מִדְבָּר פִילֶע טֶעג: 8 אוּנְד אִיךְ הָאבּ אַייךְ אַרַיינְגֶעבְּרֶענְגְט צוּ דֶעם לַאנְד פוּן דֶעם אֱמֹרִי וָואס הָאט גֶעווָאוֹינְט אוֹיף יֶענֶער זַייט יַרְדֵן, אוּנְד זַייא הָאבֶּען מִיט אַייךְ מִלְחָמָה גֶעהַאלְטֶען, אוּנְד אִיךְ הָאבּ זַייא אִין אֵיירֶע הֶענְד גֶעגֶעבֶּען, אוּנְד אִיהְר הָאט גֶעיַרְשֶׁת זֵייעֶר לַאנְד, אוּנְד אִיךְ הָאבּ זַייא פָאר אַייךְ פֶערְטִילְגְט: 9 אוּנְד בָּלָק, דֶער זוּהְן פוּן צִפּוֹר, קֶענִיג פוּן מוֹאָב אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען אוּנְד הָאט מִלְחָמָה גֶעהַאלְטֶען מִיט יִשְׂרָאֵל, אוּנְד הָאט גֶעשִׁיקְט אוּנְד גֶערוּפֶען בִּלְעָם דֶעם זוּהְן פוּן בְּעוֹר אַייךְ צוּ שֶׁעלְטֶען: 10 אָבֶּער אִיךְ הָאבּ נִיט גֶעוָואלְט הֶערֶען צוּ בִּלְעָם, אַזוֹי הָאט עֶר אַייךְ גֶעמוּזְט בֶּענְשֶׁען, אוּנְד אִיךְ הָאבּ אַייךְ מַצִיל גֶעוֶועזֶען פוּן זַיינֶע הַאנְד: 11 אוּנְד אִיהְר זֶענְט אַרִיבֶּערְגֶעגַאנְגֶען דֶעם יַרְדֵן, אוּנְד אִיהְר זֶענְט גֶעקוּמֶען צוּ יְרִיחוֹ, אוּנְד דִיא לֵייט פוּן יְרִיחוֹ הָאבֶּען מִיט אַייךְ מִלְחָמָה גֶעהַאלְטֶען, דֶער אֱמֹרִי, אוּנְד דֶער פְּרִזִי, אוּנְד דֶער כְּנַעֲנִי, אוּנְד דֶער חִתִּי, אוּנְד דֶער גִרְגָשִׁי, אוּנְד דֶער חִוִי, אוּנְד דֶער יְבוּסִי, אוּנְד אִיךְ הָאבּ זַייא גֶעגֶעבֶּען אִין אֵיירֶע הֶענְד: 12 אוּנְד אִיךְ הָאבּ פָאר אַייךְ דִיא בִּינֶען גֶעשִׁיקְט, אוּנְד זַייא הָאבֶּען זַייא פָאר אַייךְ פֶערְטְרִיבֶּען, דִיא צְווֵייא מְלָכִים פוּן אֱמֹרִי, נִיט מִיט דַיין שְׁווֶערְד אוּנְד נִיט מִיט דַיין בּוֹיגֶען: 13 אוּנְד אִיךְ הָאבּ צוּ אַייךְ גֶעגֶעבֶּען דָאס לַאנְד אִיבֶּער וֶועלְכֶעס אִיהְר הָאט אַייךְ נִיט בֶּעמִיט, אוּנְד שְׁטֶעט וָואס אִיהְר הָאט נִיט גֶעבּוֹיט, אוּנְד אִיהְר הָאט אִין זַייא גֶעווְאוֹינְט; ווַיינְגֶערְטֶען אוּנְד אֵיילְבֶּערְטֶען וָואס אִיהְר הָאט נִיט גֶעפְלַאנְצְט, אוּנְד אִיהְר הָאט פוּן זַייא גֶעגֶעסֶען: 14 אוּנְד אַצוּנְד, הָאט מוֹרָא פַאר גָאט, אוּנְד דִינְט אִיהְם מִיט גַאנְצְקַייט אוּנְד מִיט אֱמֶת, אוּנְד טְהוּט אָפּ דִיא אָפְּגֶעטֶער וָואס אֵיירֶע עֶלְטֶערְן הָאבֶּען גֶעדִינְט אוֹיף יֶענֶער זַייט שְׁטְרוֹים, אוּנְד אִין מִצְרַיִם, אוּנְד דִינְט דֶעם הַאר: 15 אוּנְד וֶוען עֶס אִיז שְׁלֶעכְט אִין אֵיירֶע אוֹיגֶען דֶעם הַאר צוּ דִינֶען, אַזוֹי דֶערְוֶויילְט אַייךְ הֵיינְט וֶועמֶען אִיהְר ווִילְט דִינֶען, עֶנְטְוֶועדֶער דֶעם גָאט וָואס אֵיירֶע עֶלְטֶערְן הָאבֶּען גֶעדִינְט אוֹיף יֶענֶער זַייט פוּן דֶעם שְׁטְרוֹים, אָדֶער דִיא אָפְּגֶעטֶער פוּן דֶעם אֱמֹרִי וָואס אִיהְר ווְאוֹינְט אִין זֵייעֶר לַאנְד;—אָבֶּער אִיךְ אוּנְד מֵיין הוֹיזְגֶעזִינְד מִיר וֶועלֶען דִינֶען דֶעם הַאר: 16 אוּנְד דָאס פָאלְק הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד גֶעזָאגְט, (חָלִילָה) פֶערְמִיטֶען זָאל עֶס זַיין צוּ אוּנְס צוּ פֶערְלָאזֶען גָאט כְּדֵי אַנְדֶערֶע גֶעטֶער צוּ דִינֶען: 17 נֵייעֶרְט דֶעם הַאר אוּנְזֶער גָאט, דֶער וָואס הָאט אוּנְס אוּנְד אוּנְזֶערֶע עֶלְטֶערְן אַרוֹיסְגֶעבְּרַאכְט פוּן דֶעם לַאנְד

מִצְרַיִם מִבֵּית עֲבָדִים וַאֲשֶׁר עָשָׂה לְעֵינֵינוּ אֶת־הָאֹתוֹת
הַגְּדֹלוֹת הָאֵלֶּה וַיִּשְׁמְרֵנוּ בְּכָל־הַדֶּרֶךְ אֲשֶׁר הָלַכְנוּ בָהּ
18 וּבְכֹל הָעַמִּים אֲשֶׁר עָבַרְנוּ בְּקִרְבָּם׃ וַיְגָרֶשׁ יְהוָה אֶת־
כָּל־הָעַמִּים וְאֶת־הָאֱמֹרִי יֹשֵׁב הָאָרֶץ מִפָּנֵינוּ גַּם־אֲנַחְנוּ
19 נַעֲבֹד אֶת־יְהוָה כִּי־הוּא אֱלֹהֵינוּ׃ וַיֹּאמֶר יְהוֹשֻׁעַ אֶל־הָעָם
לֹא תוּכְלוּ לַעֲבֹד אֶת־יְהוָה כִּי־אֱלֹהִים קְדֹשִׁים הוּא אֵל־
כ קַנּוֹא הוּא לֹא־יִשָּׂא לְפִשְׁעֲכֶם וּלְחַטֹּאותֵיכֶם׃ כִּי תַעַזְבוּ
אֶת־יְהוָה וַעֲבַדְתֶּם אֱלֹהֵי נֵכָר וְשָׁב וְהֵרַע לָכֶם וְכִלָּה
21 אֶתְכֶם אַחֲרֵי אֲשֶׁר־הֵיטִיב לָכֶם׃ וַיֹּאמֶר הָעָם אֶל־יְהוֹשֻׁעַ
22 לֹא כִּי אֶת־יְהוָה נַעֲבֹד׃ וַיֹּאמֶר יְהוֹשֻׁעַ אֶל־הָעָם עֵדִים
אַתֶּם בָּכֶם כִּי־אַתֶּם בְּחַרְתֶּם לָכֶם אֶת־יְהוָה לַעֲבֹד אוֹתוֹ
23 וַיֹּאמְרוּ עֵדִים׃ וְעַתָּה הָסִירוּ אֶת־אֱלֹהֵי הַנֵּכָר אֲשֶׁר
בְּקִרְבְּכֶם וְהַטּוּ אֶת־לְבַבְכֶם אֶל־יְהוָה אֱלֹהֵי יִשְׂרָאֵל׃
24 וַיֹּאמְרוּ הָעָם אֶל־יְהוֹשֻׁעַ אֶת־יְהוָה אֱלֹהֵינוּ נַעֲבֹד וּבְקוֹלוֹ
כה נִשְׁמָע׃ וַיִּכְרֹת יְהוֹשֻׁעַ בְּרִית לָעָם בַּיּוֹם הַהוּא וַיָּשֶׂם לוֹ
26 חֹק וּמִשְׁפָּט בִּשְׁכֶם׃ וַיִּכְתֹּב יְהוֹשֻׁעַ אֶת־הַדְּבָרִים הָאֵלֶּה
בְּסֵפֶר תּוֹרַת אֱלֹהִים וַיִּקַּח אֶבֶן גְּדוֹלָה וַיְקִימֶהָ שָּׁם תַּחַת
27 הָאַלָּה אֲשֶׁר בְּמִקְדַּשׁ יְהוָה׃ וַיֹּאמֶר יְהוֹשֻׁעַ אֶל־
כָּל־הָעָם הִנֵּה הָאֶבֶן הַזֹּאת תִּהְיֶה־בָּנוּ לְעֵדָה כִּי־הִיא
שָׁמְעָה אֵת כָּל־אִמְרֵי יְהוָה אֲשֶׁר דִּבֶּר עִמָּנוּ וְהָיְתָה
28 בָכֶם לְעֵדָה פֶּן־תְּכַחֲשׁוּן בֵּאלֹהֵיכֶם׃ וַיְשַׁלַּח יְהוֹשֻׁעַ
29 אֶת־הָעָם אִישׁ לְנַחֲלָתוֹ׃ וַיְהִי אַחֲרֵי הַדְּבָרִים הָאֵלֶּה
וַיָּמָת יְהוֹשֻׁעַ בִּן־נוּן עֶבֶד יְהוָה בֶּן־מֵאָה וָעֶשֶׂר שָׁנִים׃
ל וַיִּקְבְּרוּ אֹתוֹ בִּגְבוּל נַחֲלָתוֹ בְּתִמְנַת־סֶרַח אֲשֶׁר בְּהַר־
31 אֶפְרָיִם מִצְּפוֹן לְהַר־גָּעַשׁ׃ וַיַּעֲבֹד יִשְׂרָאֵל אֶת־יְהוָה כֹּל
יְמֵי יְהוֹשֻׁעַ וְכֹל ׀ יְמֵי הַזְּקֵנִים אֲשֶׁר הֶאֱרִיכוּ יָמִים
אַחֲרֵי יְהוֹשֻׁעַ וַאֲשֶׁר יָדְעוּ אֵת כָּל־מַעֲשֵׂה יְהוָה אֲשֶׁר

מִצְרַיִם, אוֹיס דֶעם דִינְסְטהוֹיז, אוּנְד וָואס הָאט גֶעטְהוּן דִיא דָאזִיגֶע גְרוֹיסֶע צֵייכֶען פָאר אוּנְזֶערֶע אוֹיגֶען, אוּנְד וָואס הָאט אוּנְס גֶעהִיט אוֹיף דֶעם גַאנְצֶען וֶועג וָואס מִיר זֶענֶען גֶעגַאנְגֶען, אוּנְד אוּנְטֶער אַלֶע פֶעלְקֶער וָואס מִיר זֶענֶען צְווִישֶׁען זֵייא אִיבֶּערְגֶעפָארֶען: 18 אוּנְד גָאט הָאט פֶערְטְרִיבֶּען דִיא אַלֶע פֶעלְקֶער, אוּנְד דֶעם אֱמֹרִי וָואס הָאט גֶעוְואוֹינְט אִין דֶעם לַאנְד פָאר אוּנְס, דָארוּם וֶועלֶען מִיר דִינֶען יְהֹוָה וָוארִין עֶר אִיז אוּנְזֶער גָאט: 19 יְהוֹשֻׁעַ הָאט גֶעזָאגְט צוּ דֶעם פָאלְק, אִיהְר קֶענְט נִיט דִינֶען יְהֹוָה, וָוארִין עֶר אִיז א הֵיילִיגֶער גָאט, עֶר אִיז אַ גָאט וָואס אִיז זִיךְ נוֹקֵם, עֶר וֶועט נִיט פֶערְטְרָאגֶען צוּ אֵיירֶע עֲבֵירוֹת אוּנְד צוּ אֵיירֶע חֲטָאִים: 20 וֶוען אִיהְר וֶועט פֶערְלָאזֶען יְהֹוָה אוּנְד אִיהְר וֶועט דִינֶען פְרֶעמְדֶע אָפְּגֶעטֶער, אַזוֹי וֶועט עֶר זִיךְ אוּמְקֶעהְרֶען אוּנְד וֶועט אֵייךְ שְׁלֶעכְטֶעס טְהוּן, אוּנְד אֵייךְ פֶערְלָאזֶען, נָאכְדֶעם דָאס עֶר הָאט אֵייךְ גוּטֶעס גֶעטְהוּן: 21 אָבֶּער דָאס פָאלְק הָאט גֶעזָאגְט צוּ יְהוֹשֻׁעַ, נֵיין, נֵייעֶרְט יְהֹוָה וֶועלֶען מִיר דִינֶען: 22 אוּנְד יְהוֹשֻׁעַ הָאט גֶעזָאגְט צוּ דֶעם פָאלְק, אִיהְר זֶענְט קֶעגֶען אֵייךְ אַלֵיין עֵדוּת דָאס אִיהְר הָאט אֵייךְ אוֹיסְדֶערְוֶוועהְלְט יְהֹוָה, אִיהְם צוּ דִינֶען, — אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט, מִיר זֶענֶען עֵדוּת: 23 אוּנְד אַצוּנְד, טְהוּט אָפּ דִיא פְרֶעמְדֶע אָפְּגֶעטֶער וָואס זֶענֶען צְווִישֶׁען אֵייךְ, אוּנְד נֵייגְט אֵיירֶע הֶערְצֶער צוּ יְהֹוָה, דֶעם גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל: 24 אוּנְד דָאס פָאלְק הָאט גֶעזָאגְט צוּ יְהוֹשֻׁעַ, יְהֹוָה אוּנְזֶער גָאט וֶועלֶען מִיר דִינֶען, אוּנְד זֵיין קוֹל וֶועלֶען מִיר גֶעהָארְכֶען: 25 אוּנְד יְהוֹשֻׁעַ הָאט מִיט דֶעם פָאלְק כּוֹרֵת בְּרִית גֶעוֶועזֶען דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען טָאג אוּנְד עֶר הָאט דָאס גֶעמַאכְט פַאר אַ גֶעזֶעץ אוּנְד אַ מִשְׁפָּט אִין שְׁכֶם: 26 אוּנְד יְהוֹשֻׁעַ הָאט אוֹיפְגֶעשְׁרִיבֶּען דִיא דָאזִיגֶע וֶוערְטֶער אִין דֶעם סֵפֶר תּוֹרָה, פוּן גָאט, אוּנְד עֶר הָאט גֶענוּמֶען אַ גְרוֹיסֶען שְׁטֵיין אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם דָארְטֶען אוֹיפְגֶעשְׁטֶעלְט אוּנְטֶער דֶעם לִינְדֶען־בּוֹים וָואס אִיז גֶעוֶועזֶען בֵּייא דֶעם מִקְדָּשׁ פוּן גָאט: 27 אוּנְד יְהוֹשֻׁעַ הָאט גֶעזָאגְט צוּ דֶעם גַאנְצֶען פָאלְק, זֶעהְט, דֶער דָאזִיגֶער שְׁטֵיין זָאל זֵיין אֵיין עֵדוּת צְווִישֶׁען אוּנְס, וָוארִין עֶר הָאט גֶעהֶערְט אַלֶע רֵייד פוּן גָאט וָואס עֶר הָאט מִיט אוּנְס גֶערֶעדְט, אוּנְד עֶס זָאל דַארוּם זֵיין קֶעגֶען אֵייךְ אַלְס עֵדוּת, טָאמֶער וֶועט אִיהְר פֶערְלֵייקֶענֶען אֵייעֶר גָאט: 28 אַזוֹי הָאט יְהוֹשֻׁעַ אַוֶועקְגֶעשִׁיקְט דָאס פָאלְק אִיטְלִיכֶען צוּ זֵיין נַחֲלָה: 29 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען נָאךְ דִיא דָאזִיגֶע רֵייד אַזוֹי אִיז יְהוֹשֻׁעַ בֶּן נוּן דֶער קְנֶעכְט פוּן גָאט גֶעשְׁטָארְבֶּען, עֶר אִיז אַלְט גֶעוֶועזֶען הוּנְדֶערְט אוּנְד צֶעהְן יָאהְר: 30 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אִיהְם בֶּעגְרָאבֶּען אִין דֶער גְרֶענֶעץ פוּן זֵיין עֶרְבְּטֵייל, אִין תִּמְנַת סֶרַח, וָואס אִיז אוֹיף דֶעם בַּארְג אֶפְרָיִם, אַן דֶער צָפוֹן־זֵייט פוּן דֶעם בַּארְג גָעַשׁ: 31 אוּנְד יִשְׂרָאֵל הָאט גֶעדִינְט יְהֹוָה אַלֶע טֶעג פוּן יְהוֹשֻׁעַ, אוּנְד אַלֶע טֶעג פוּן דִיא עֶלְצְטֶע וָואס הָאבֶּען דֶערְלֶענְגֶערְט זֵייעֶר לֶעבֶּען נָאךְ יְהוֹשֻׁעַ אוּנְד וָואס הָאבֶּען גֶעקֶענְט אַלֶע מַעֲשִׂים פוּן גָאט, וָואס

עָשָׂה לְיִשְׂרָאֵל׃ וְאֶת־עַצְמוֹת יוֹסֵף אֲשֶׁר־הֶעֱלוּ בְנֵי־ 32
יִשְׂרָאֵל מִמִּצְרַיִם קָבְרוּ בִשְׁכֶם בְּחֶלְקַת הַשָּׂדֶה אֲשֶׁר
קָנָה יַעֲקֹב מֵאֵת בְּנֵי־חֲמוֹר אֲבִי־שְׁכֶם בְּמֵאָה קְשִׂיטָת
וַיִּהְיוּ לִבְנֵי־יוֹסֵף לְנַחֲלָה׃ וְאֶלְעָזָר בֶּן־אַהֲרֹן מֵת וַיִּקְבְּרוּ 33
אֹתוֹ בְּגִבְעַת פִּינְחָס בְּנוֹ אֲשֶׁר נִתַּן־לוֹ בְּהַר אֶפְרָיִם׃

סכום הפסוקים של יהושע שש מאות וחמשים וששה. ותרן לשון אלם סימן: וחציו. ומחשבון עד רמת המצפה: וסדריו ארבעה עשר. היתה עלי יד יי׳ סימן:

עֶר הָאט גֶעטְהוּן צוּ יִשְׂרָאֵל: 32 אוּנְד
דִיא בֵּיינֶער פוּן יוֹסֵף וָאס דִיא קִינְדֶער
יִשְׂרָאֵל הָאבֶּען אַרוֹיפְגֶעבְּרֶענְגְט פוּן
מִצְרַיִם הָאבֶּען זַייא בֶּעגְרָאבֶּען אִין שְׁכֶם,
אִין דֶעם חֵלֶק פֶעלְד וָאס יַעֲקֹב הָאט
גֶעקוֹיפְט פוּן דִיא קִינְדֶער פוּן חֲמוֹר,
דֶעם פָאטֶער פוּן שְׁכֶם פַאר אַ הוּנְדֶערְט
קְשִׂיטָה, אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען פַאר דִיא
קִינְדֶער פוּן יוֹסֵף אַלְס אַ נַחֲלָה: 33 אוּנְד
אֶלְעָזָר דֶער זוּהְן פוּן אַהֲרֹן אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען, אוּנְד זַייא הָאבֶּען אִיהְם בֶּעגְרָאבֶּען
אוֹיף דֶער הֵייךְ פוּן פִינְחָס זַיין זוּהְן, וָואס עֶר הָאט אִיהְם גֶעגֶעבֶּען אִין דֶעם
בַּארְג אֶפְרָיִם:

## חזק

אלע פסוקים פון דעם ספר יהושע זענען זעקס הונדערט אונד זעקס אונד פופציג, דיא העלפט דאפאן איז קאפיטעל י"ג, פסוק כ"ה; אונד האט פיער אונד צוואנציג קאפיטעל:

# שופטים

---

א וַיְהִי אַחֲרֵי מוֹת יְהוֹשֻׁעַ וַיִּשְׁאֲלוּ בְּנֵי יִשְׂרָאֵל בַּיהוָה לֵאמֹר
2 מִי יַעֲלֶה־לָּנוּ אֶל־הַכְּנַעֲנִי בַּתְּחִלָּה לְהִלָּחֶם בּוֹ׃ וַיֹּאמֶר
3 יְהוָה יְהוּדָה יַעֲלֶה הִנֵּה נָתַתִּי אֶת־הָאָרֶץ בְּיָדוֹ׃ וַיֹּאמֶר
יְהוּדָה לְשִׁמְעוֹן אָחִיו עֲלֵה אִתִּי בְגוֹרָלִי וְנִלָּחֲמָה בַּכְּנַעֲנִי
4 וְהָלַכְתִּי גַם־אֲנִי אִתְּךָ בְּגוֹרָלֶךָ וַיֵּלֶךְ אִתּוֹ שִׁמְעוֹן׃ וַיַּעַל
יְהוּדָה וַיִּתֵּן יְהוָה אֶת־הַכְּנַעֲנִי וְהַפְּרִזִּי בְּיָדָם וַיַּכּוּם בְּבֶזֶק
ה עֲשֶׂרֶת אֲלָפִים אִישׁ׃ וַיִּמְצְאוּ אֶת־אֲדֹנִי בֶזֶק בְּבֶזֶק וַיִּלָּחֲמוּ
6 בּוֹ וַיַּכּוּ אֶת־הַכְּנַעֲנִי וְאֶת־הַפְּרִזִּי׃ וַיָּנָס אֲדֹנִי בֶזֶק וַיִּרְדְּפוּ
7 אַחֲרָיו וַיֹּאחֲזוּ אוֹתוֹ וַיְקַצְּצוּ אֶת־בְּהֹנוֹת יָדָיו וְרַגְלָיו׃ וַיֹּאמֶר
אֲדֹנִי־בֶזֶק שִׁבְעִים ׀ מְלָכִים בְּהֹנוֹת יְדֵיהֶם וְרַגְלֵיהֶם
מְקֻצָּצִים הָיוּ מְלַקְּטִים תַּחַת שֻׁלְחָנִי כַּאֲשֶׁר עָשִׂיתִי כֵּן
8 שִׁלַּם־לִי אֱלֹהִים וַיְבִיאֻהוּ יְרוּשָׁלַםִ וַיָּמָת שָׁם׃ וַיִּלָּחֲמוּ
בְנֵי־יְהוּדָה בִּירוּשָׁלַםִ וַיִּלְכְּדוּ אוֹתָהּ וַיַּכּוּהָ לְפִי־חָרֶב וְאֶת־
9 הָעִיר שִׁלְּחוּ בָאֵשׁ׃ וְאַחַר יָרְדוּ בְּנֵי יְהוּדָה לְהִלָּחֵם
י בַּכְּנַעֲנִי יוֹשֵׁב הָהָר וְהַנֶּגֶב וְהַשְּׁפֵלָה׃ וַיֵּלֶךְ יְהוּדָה אֶל־
הַכְּנַעֲנִי הַיּוֹשֵׁב בְּחֶבְרוֹן וְשֵׁם־חֶבְרוֹן לְפָנִים קִרְיַת אַרְבַּע
11 וַיַּכּוּ אֶת־שֵׁשַׁי וְאֶת־אֲחִימַן וְאֶת־תַּלְמָי׃ וַיֵּלֶךְ מִשָּׁם אֶל־
12 יוֹשְׁבֵי דְּבִיר וְשֵׁם־דְּבִיר לְפָנִים קִרְיַת־סֵפֶר׃ וַיֹּאמֶר כָּלֵב
אֲשֶׁר־יַכֶּה אֶת־קִרְיַת־סֵפֶר וּלְכָדָהּ וְנָתַתִּי לוֹ אֶת־עַכְסָה
13 בִתִּי לְאִשָּׁה׃ וַיִּלְכְּדָהּ עָתְנִיאֵל בֶּן־קְנַז אֲחִי כָלֵב הַקָּטֹן

1 אונד עס איז געוועזען נאך דעם טויט פון יְהוֹשֻׁעַ אזוי האבען דיא קינדער יִשְׂרָאֵל נאכגעפרעגט בייא גאט, אזוי צו זאגען, ווער זאל פאר אונס צוערשט ארויפגיין קעגען דעם כְּנַעֲנִי, אום מיט איהם מִלְחָמָה צו האלטען? 2 אונד גאט האט געזאגט, יְהוּדָה זאל ארויפגיין, זעה, איך האב געגעבען דאס לאנד אין זיינע האנד: 3 אזוי האט יְהוּדָה געזאגט צו שִׁמְעוֹן זיין ברודער, גייא ארויף מיט מיר אין מיין גוֹרָל, אונד מיר וועלען מִלְחָמָה האלטען מיט דעם כְּנַעֲנִי, אונד איך וועל אויך מיט דיר גיין אין דיין גוֹרָל, אזוי איז שִׁמְעוֹן מיט איהם געגאנגען: 4 אונד יְהוּדָה איז ארויפגעגאנגען, אונד גאט האט געגעבען דעם כְּנַעֲנִי אונד דעם פְּרִזִּי אין זייערע הענד, אונד זייא האבען זייא געשלאגען אין בֶּזֶק צעהן טויזענד מאן: 5 אונד זייא האבען געפונען דעם אֲדוֹנִי בֶזֶק אין בֶּזֶק, אונד זייא האבען מיט איהם מִלְחָמָה געהאלטען, אונד זייא האבען געשלאגען דעם כְּנַעֲנִי אונד דעם פְּרִזִּי: 6 אונד אֲדֹנִי בֶזֶק איז אנטלאפען, אונד זייא האבען איהם נאכגעיאגט, אונד ווען זייא האבען איהם געהאפט אזוי האבען זייא איהם אפגעשניטען זיינע גראבע פינגער פון זיינע הענד אונד פון זיינע פיס: 7 אונד אֲדוֹנִי בֶזֶק האט געזאגט, זיבעציג מְלָכִים וואס האבען געהאט זייערע גראבע פינגער פון זייערע הענד אונד פון זייערע פיס אפגעהאקט פלעגען אויפקלויבען (זייער עסען) אונטער מיין טיש, אזוי וויא איך האב געטהון, אזוי האט מיר גאט בעצאלט, אונד זייא האבען איהם געבראכט קיין יְרוּשָׁלַםִ אונד ער איז דארט געשטארבען: 8 אונד דיא קינדער פון יְהוּדָה האבען מִלְחָמָה געהאלטען מיט יְרוּשָׁלַםִ, אונד זייא האבען עס איינגענומען, אונד זייא האבען עס געשלאגען מיט דיא שארף פון דעם שווערד, אונד דיא שטאט האבען זייא אנגעצינדען מיט פייער: 9 אונד דערנאך זענען דיא קינדער פון יְהוּדָה ארויפגעגאנגען מִלְחָמָה צו האלטען מיט דעם כְּנַעֲנִי וואס האט געוואוינט אויף דעם בארג, אונד אין דרום־זייט אונד אין דעם טהאל: 10 אונד יְהוּדָה איז געגאנגען צו דעם כְּנַעֲנִי וואס האט געוואוינט אין חֶבְרוֹן, אונד דער נאמען פון חֶבְרוֹן איז פריער געוועזען קִרְיַת אַרְבַּע, אונד זייא האבען געשלאגען דעם שֵׁשַׁי, אונד דעם אֲחִימַן, אונד דעם תַּלְמָי: 11 אונד פון דארטען איז ער געגאנגען צו דיא בעוואוינער פון דְּבִיר, אונד דער נאמען פון דְּבִיר איז פריער געוועזען קִרְיַת סֵפֶר: 12 אונד כָּלֵב האט געזאגט, דער וואס וועט שלאגען קִרְיַת סֵפֶר אונד וועט זיא איינעמען, צו דעם וועל איך געבען מיינע טאכטער עַכְסָה פאר א ווייב: 13 אונד עָתְנִיאֵל דער זוהן פון קְנַז, דער ברודער פון כָּלֵב וואס איז געוועזען יונגער פון איהם האט זיא איינגענומען,

14 מֵאֵת וַיִּתֶּן־לוֹ אֶת־עַכְסָה בִתּוֹ לְאִשָּׁה: וַיְהִי בְּבוֹאָהּ
וַתְּסִיתֵהוּ לִשְׁאוֹל מֵאֵת־אָבִיהָ הַשָּׂדֶה וַתִּצְנַח מֵעַל הַחֲמוֹר
טו וַיֹּאמֶר־לָהּ כָּלֵב מַה־לָּךְ: וַתֹּאמֶר לוֹ הָבָה־לִּי בְרָכָה
כִּי אֶרֶץ הַנֶּגֶב נְתַתָּנִי וְנָתַתָּה לִי גֻּלֹּת מָיִם וַיִּתֶּן־לָהּ כָּלֵב
16 אֵת גֻּלֹּת עִלִּית וְאֵת גֻּלֹּת תַּחְתִּית: וּבְנֵי קֵינִי חֹתֵן
מֹשֶׁה עָלוּ מֵעִיר הַתְּמָרִים אֶת־בְּנֵי יְהוּדָה מִדְבַּר יְהוּדָה
17 אֲשֶׁר בְּנֶגֶב עֲרָד וַיֵּלֶךְ וַיֵּשֶׁב אֶת־הָעָם: וַיֵּלֶךְ יְהוּדָה אֶת־
שִׁמְעוֹן אָחִיו וַיַּכּוּ אֶת־הַכְּנַעֲנִי יוֹשֵׁב צְפַת וַיַּחֲרִימוּ אוֹתָהּ
18 וַיִּקְרָא אֶת־שֵׁם־הָעִיר חָרְמָה: וַיִּלְכֹּד יְהוּדָה אֶת־עַזָּה
וְאֶת־גְּבוּלָהּ וְאֶת־אַשְׁקְלוֹן וְאֶת־גְּבוּלָהּ וְאֶת־עֶקְרוֹן וְאֶת־
19 גְּבוּלָהּ: וַיְהִי יְהוָה אֶת־יְהוּדָה וַיֹּרֶשׁ אֶת־הָהָר כִּי
כ לֹא לְהוֹרִישׁ אֶת־יֹשְׁבֵי הָעֵמֶק כִּי־רֶכֶב בַּרְזֶל לָהֶם: וַיִּתְּנוּ
לְכָלֵב אֶת־חֶבְרוֹן כַּאֲשֶׁר דִּבֶּר מֹשֶׁה וַיּוֹרֶשׁ מִשָּׁם אֶת־
21 שְׁלֹשָׁה בְּנֵי הָעֲנָק: וְאֶת־הַיְבוּסִי יֹשֵׁב יְרוּשָׁלַםִ לֹא הוֹרִישׁוּ
בְּנֵי בִנְיָמִן וַיֵּשֶׁב הַיְבוּסִי אֶת־בְּנֵי בִנְיָמִן בִּירוּשָׁלַםִ עַד הַיּוֹם
22 הַזֶּה: וַיַּעֲלוּ בֵית־יוֹסֵף גַּם־הֵם בֵּית־אֵל וַיהוָה עִמָּם:
23 24 וַיָּתִירוּ בֵית־יוֹסֵף בְּבֵית־אֵל וְשֵׁם־הָעִיר לְפָנִים לוּז: וַיִּרְאוּ
הַשֹּׁמְרִים אִישׁ יוֹצֵא מִן־הָעִיר וַיֹּאמְרוּ לוֹ הַרְאֵנוּ נָא אֶת־
כה מְבוֹא הָעִיר וְעָשִׂינוּ עִמְּךָ חָסֶד: וַיַּרְאֵם אֶת־מְבוֹא הָעִיר
וַיַּכּוּ אֶת־הָעִיר לְפִי־חָרֶב וְאֶת־הָאִישׁ וְאֶת־כָּל־מִשְׁפַּחְתּוֹ
26 שִׁלֵּחוּ: וַיֵּלֶךְ הָאִישׁ אֶרֶץ הַחִתִּים וַיִּבֶן עִיר וַיִּקְרָא שְׁמָהּ
27 לוּז הוּא שְׁמָהּ עַד הַיּוֹם הַזֶּה: וְלֹא־הוֹרִישׁ מְנַשֶּׁה
אֶת־בֵּית־שְׁאָן וְאֶת־בְּנוֹתֶיהָ וְאֶת־תַּעְנַךְ וְאֶת־בְּנֹתֶיהָ וְאֶת־
יֹשֵׁב דוֹר וְאֶת־בְּנוֹתֶיהָ וְאֶת־יוֹשְׁבֵי יִבְלְעָם וְאֶת־בְּנֹתֶיהָ
וְאֶת־יוֹשְׁבֵי מְגִדּוֹ וְאֶת־בְּנוֹתֶיהָ וַיּוֹאֶל הַכְּנַעֲנִי לָשֶׁבֶת
28 בָּאָרֶץ הַזֹּאת: וַיְהִי כִּי־חָזַק יִשְׂרָאֵל וַיָּשֶׂם אֶת־הַכְּנַעֲנִי
29 לָמַס וְהוֹרֵישׁ לֹא הוֹרִישׁוֹ: וְאֶפְרַיִם לֹא הוֹרִישׁ

אונד ער האט צו איהם געגעבען זיינע טאכטער עכסה פאר א ווייב: 14 אונד עס איז געוועזען אין איהר קומען אזוי האט זיא איהם אנגערעט אז ער זאל פערלאנגען פון איהר פאטער א פעלד, אונד זיא האט זיך ארונטערגענייגט פון דעם אייזעל, אזוי האט כלב צו איהר געזאגט, וואס איז דיר? 15 אונד זיא האט צו איהם געזאגט, גיב מיר א ברכה, וואָרין דו האסט מיר געגעבען א דרום לאנד, גיב מיר אויך וואסער־קוועלען; אזוי האט כלב צו איהר געגעבען די אויבערשטע קוועלען אונד די אונטערשטע קוועלען: 16 אונד די קינדער פון קני, משה׳ס שווער, זענען ארויפגעגאנגען פון דער שטאט פון טייטעל־ביימער מיט די קינדער יהודה אין דער מדבר יהודה וואס איז אין דרום־זייט פון ערד, אונד זענען געגאנגען אונד האבען זיך בעזעצט מיט דעם פאלק: 17 אונד יהודה איז געגאנגען מיט זיין ברודער שמעון, אונד זייא האבען געשלאגען דעם כנעני וואס האט געוואוינט אין צפת, אונד זייא האבען זיא פערוויסט, אונד זייא האבען גערופען דעם נאמען פון דער שטאט חרמה: 18 אונד יהודה האט איינגענומען עזה אונד איהרע גרענעץ, אונד אשקלון אונד איהרע גרענעץ, אונד עקרון אונד איהרע גרענעץ: 19 אונד גאט איז געוועזען מיט יהודה, אונד ער האט פערטריבען (די איינוואוינער) פון דעם בארג, אבער ער האט ניט געקענט פערטרייבען די איינוואוינער פון דעם טהאל, ווייל זייא האבען געהאט אייזערנע רייטוועגען: 20 אונד זייא האבען געגעבען חברון צו כלב, אזוי וויא משה האט צוגעזאגט, אונד ער האט פון דארטען פערטריבען די דרייא זיהן פון ענק: 21 אונד דעם יבוסי וואס האט געוואוינט אין ירושלם האבען די קינדער בנימין ניט פערטריבען, נייערט דער יבוסי האט געוואוינט מיט די קינדער בנימין אין ירושלם ביז צו דעם היינטיגען טאג: 22 אונד די פון דעם בית־יוסף, זייא זענען אויך ארויפגעגאנגען קעגען בית־אל, אונד גאט איז מיט זייא געוועזען: 23 אונד די פון בית־יוסף האבען אויסגעקאָרשט בית־אל; אונד דער נאמען פון דער שטאט איז פריער געוועזען לוז: 24 אונד ווען די וועכטער האבען געזעהען א מאן ארויסקומען פון דער שטאט, אזוי האבען זייא צו איהם געזאגט, איך בעט דיך צייג אונס דאס אריינקומען צו דער שטאט, אונד מיר וועלען מיט דיר טהון חסד: 25 אונד ער האט זייא געוויזען דאס אריינקומען פון דער שטאט, אונד זייא האבען געשלאגען די שטאט מיט דער שארף פון דעם שווערד, אבער דעם מאן מיט זיינע גאנצע משפחה האבען זייא אוועקגעשיקט: 26 אונד דער מאן איז געגאנגען צו דעם לאנד פון די חתים, אונד ער האט געבויט א שטאט, אונד ער האט גערופען איהר נאמען לוז, דאס איז איהר נאמען ביז צו דעם היינטיגען טאג: 27 אונד מנשה האט אויך ניט פערטריבען די איינוואוינער פון בית־שאן אונד איהרע דערפער, אונד תענך אונד איהרע דערפער, אונד די איינוואוינער פון דור אונד איהרע דערפער, אונד די איינוואוינער פון יבלעם אונד איהרע דערפער, אונד די איינוואוינער פון מגדו אונד איהרע דערפער, אונד דער כנעני האט געוואלט וואוינען אין דעם דאזיגען לאנד: 28 אונד עס איז געוועזען ווען ישראל האט זיך געשטארקט אזוי האבען זייא געמאכט אז דער כנעני זאל זיין צו מס, אבער זייא האבען איהם ניט אים גאנצען פערטריבען: 29 אונד אפרים האט (אויך) ניט פערטריבען

אֶת־הַכְּנַעֲנִי הַיּוֹשֵׁב בְּגָזֶר וַיֵּשֶׁב הַכְּנַעֲנִי בְּקִרְבּוֹ בְּגָזֶר׃
ל זְבוּלֻן לֹא הוֹרִישׁ אֶת־יוֹשְׁבֵי קִטְרוֹן וְאֶת־יוֹשְׁבֵי
31 נַהֲלֹל וַיֵּשֶׁב הַכְּנַעֲנִי בְּקִרְבּוֹ וַיִּהְיוּ לָמַס׃ אָשֵׁר לֹא
הוֹרִישׁ אֶת־יֹשְׁבֵי עַכּוֹ וְאֶת־יוֹשְׁבֵי צִידוֹן וְאֶת־אַחְלָב וְאֶת־
32 אַכְזִיב וְאֶת־חֶלְבָּה וְאֶת־אֲפִיק וְאֶת־רְחֹב׃ וַיֵּשֶׁב הָאָשֵׁרִי
33 בְּקֶרֶב הַכְּנַעֲנִי יֹשְׁבֵי הָאָרֶץ כִּי לֹא הוֹרִישׁוֹ׃ נַפְתָּלִי
לֹא־הוֹרִישׁ אֶת־יֹשְׁבֵי בֵית־שֶׁמֶשׁ וְאֶת־יֹשְׁבֵי בֵית־עֲנָת
וַיֵּשֶׁב בְּקֶרֶב הַכְּנַעֲנִי יֹשְׁבֵי הָאָרֶץ וְיֹשְׁבֵי בֵית־שֶׁמֶשׁ
34 וּבֵית עֲנָת הָיוּ לָהֶם לָמַס׃ וַיִּלְחֲצוּ הָאֱמֹרִי אֶת־בְּנֵי־דָן
לה הָהָרָה כִּי־לֹא נְתָנוֹ לָרֶדֶת לָעֵמֶק׃ וַיּוֹאֶל הָאֱמֹרִי לָשֶׁבֶת
בְּהַר־חֶרֶס בְּאַיָּלוֹן וּבְשַׁעַלְבִים וַתִּכְבַּד יַד בֵּית־יוֹסֵף
36 וַיִּהְיוּ לָמַס׃ וּגְבוּל הָאֱמֹרִי מִמַּעֲלֵה עַקְרַבִּים מֵהַסֶּלַע
וָמָעְלָה׃

## ב

א וַיַּעַל מַלְאַךְ־יְהוָה מִן־הַגִּלְגָּל אֶל־הַבֹּכִים וַיֹּאמֶר
אַעֲלֶה אֶתְכֶם מִמִּצְרַיִם וָאָבִיא אֶתְכֶם אֶל־הָאָרֶץ אֲשֶׁר
נִשְׁבַּעְתִּי לַאֲבֹתֵיכֶם וָאֹמַר לֹא־אָפֵר בְּרִיתִי אִתְּכֶם
2 לְעוֹלָם׃ וְאַתֶּם לֹא־תִכְרְתוּ בְרִית לְיוֹשְׁבֵי הָאָרֶץ הַזֹּאת
מִזְבְּחוֹתֵיהֶם תִּתֹּצוּן וְלֹא־שְׁמַעְתֶּם בְּקֹלִי מַה־זֹּאת
3 עֲשִׂיתֶם׃ וְגַם אָמַרְתִּי לֹא־אֲגָרֵשׁ אוֹתָם מִפְּנֵיכֶם וְהָיוּ
4 לָכֶם לְצִדִּים וֵאלֹהֵיהֶם יִהְיוּ לָכֶם לְמוֹקֵשׁ׃ וַיְהִי כְּדַבֵּר
מַלְאַךְ יְהוָה אֶת־הַדְּבָרִים הָאֵלֶּה אֶל־כָּל־בְּנֵי יִשְׂרָאֵל
ה וַיִּשְׂאוּ הָעָם אֶת־קוֹלָם וַיִּבְכּוּ׃ וַיִּקְרְאוּ שֵׁם־הַמָּקוֹם הַהוּא
6 בֹּכִים וַיִּזְבְּחוּ־שָׁם לַיהוָה׃ וַיְשַׁלַּח יְהוֹשֻׁעַ אֶת־הָעָם
וַיֵּלְכוּ בְנֵי־יִשְׂרָאֵל אִישׁ לְנַחֲלָתוֹ לָרֶשֶׁת אֶת־הָאָרֶץ׃
7 וַיַּעַבְדוּ הָעָם אֶת־יְהוָה כֹּל יְמֵי יְהוֹשֻׁעַ וְכֹל יְמֵי הַזְּקֵנִים
אֲשֶׁר הֶאֱרִיכוּ יָמִים אַחֲרֵי יְהוֹשׁוּעַ אֲשֶׁר רָאוּ אֵת כָּל־

דֶעם כְּנַעֲנִי וָואס הָאט גֶעוואוינְט אִין גֶזֶר, אוּנְד דֶער כְּנַעֲנִי הָאט גֶעוואוינְט צְווִישֶׁען זַייא אִין גֶזֶר: 30 זְבוּלוּן הָאט אוֹיךְ נִיט פֶערטְרִיבֶּען דִיא אֵיינְווָאוֹנֶער פוּן קִטְרוֹן אוּנְד דִיא אֵיינְווָאוֹנֶער פוּן נַהֲלוֹל, אוּנְד דֶער כְּנַעֲנִי הָאט גֶעוואוינְט צְווִישֶׁען זַייא, אוּנְד זַייא זֶענֶען גֶעוָוארֶען צוּ מַס: 31 אָשֵׁר הָאט אוֹיךְ נִיט פֶערְטְרִיבֶּען דִיא אֵיינְווָאוֹנֶער פוּן עַכּוֹ, אוּנְד דִיא אֵיינְווָאוֹנֶער פוּן צִידוֹן, אוּנְד פוּן אַחְלָב, אוּנְד פוּן אַכְזִיב, אוּנְד פוּן חֶלְבָּה, אוּנְד פוּן אֲפִיק, אוּנְד פוּן רְחוֹב: 32 אוּנְד דֶער שֵׁבֶט אָשֵׁר הָאט גֶעוואוֹינְט צְווִישֶׁען דֶעם כְּנַעֲנִי וָואס הָאבֶּען גֶעוואוֹינְט אִין דֶעם לַאנְד, וָוארִין זַייא הָאבֶּען זַייא נִיט פֶערטְרִיבֶּען: 33 נַפְתָּלִי הָאט נִיט פֶערטְרִיבֶּען דִיא אֵיינְווָאוֹנֶער פוּן בֵּית־שֶׁמֶשׁ, אוּנְד דִיא אֵיינְווָאוֹנֶער פוּן בֵּית־עֲנָת, נֵייעֶרְט עֶר הָאט גֶעוואוֹינְט צְווִישֶׁען דֶעם כְּנַעֲנִי, דִיא אֵיינְווָאוֹנֶער פוּן דֶעם לַאנְד, אוּנְד דִיא אֵיינְווָאוֹנֶער פוּן בֵּית־שֶׁמֶשׁ, אוּנְד בֵּית־עֲנָת, זֶענֶען צוּ זַייא גֶעוָוארֶען צוּ מַס: 34 אוּנְד דִיא אֱמוֹרִים הָאבֶּען גֶעצְווָאוּנְגֶען דִיא קִינְדֶער פוּן דָן (צוּ גֵייְן) צוּ דִיא בֶּערְג, וָוארִין זַייא הָאבֶּען זַייא נִיט גֶעלָאזְט אַרוּפְגֵייְן אִין דֶעם טְהָאל: 35 אוּנְד דֶער אֱמֹרִי הָאט גֶעוָואלְט וְואוֹינֶען אוֹיף דֶעם בַּארְג חֶרֶס, אִין אַיָלוֹן, אוּנְד אִין שַׁעַלְבִים, אָבֶּער דִיא הַאנְד פוּן בֵּית־יוֹסֵף אִיז שְׁטַארְק גֶעוֶועזֶען, אוּנְד זַייא זֶענֶען צוּ זַייא גֶעוֶועזֶען צוּ מַס: 36 אוּנְד דִיא גְרֶענֶעץ פוּן דֶעם אֱמֹרִי אִיז גֶעוֶועזֶען פוּן דֶעם אַרוֹיפְגַאנְג פוּן עַקְרַבִּים, פוּן דֶעם פֶעלְז אוּנְד אַרוֹיף צוּ:

## קאפיטעל ב

1 אוּנְד דֶער מַלְאַךְ יְהוָֹה אִיז אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען פוּן גִלְגָל צוּ בּוֹכִים, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ הָאבּ אֵייךְ אַרוֹיפְגֶעבְּרַאכְט פוּן מִצְרַיִם אוּנְד אִיךְ הָאבּ אֵייךְ אַרֵיינְגֶעבְּרַאכְט צוּ דֶעם לַאנְד וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעשְׁוְואוֹרֶען צוּ אֵיירֶע עֶלְטֶערְן, אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעזָאגְט אִיךְ וֶועל נִיט פֶערשְׁטֶערֶען מֵיין בְּרִית מִיט אֵייךְ אוֹיף אֵייבִּיג: 2 אוּנְד אִיהְר זָאלְט נִיט כּוֹרֵת בְּרִית זַיין מִיט דִיא אֵיינְווָאוֹנֶער פוּן דֶעם דָאזִיגֶען לַאנְד, זֵיירֶע מִזְבְּחוֹת זָאלְט אִיהְר צוּשְׁטוֹיסֶען, אָבֶּער אִיהְר הָאט נִיט גֶעהָארְכְט צוּ מֵיין קוֹל, פַארְוָואס הָאט אִיהְר דָאס גֶעטְהוּן? 3 אוּנְד אִיךְ הָאבּ אוֹיךְ גֶעזָאגְט אַז אִיךְ וֶועל זַייא נִיט פֶערטְרֵייבֶּען פָאר אֵייךְ, אוּנְד זַייא וֶועלֶען צוּ אֵייךְ זַיין (אַלְס דֶערְנֶער) צוּ אֵיירֶע זַייטֶען, אוּנְד זֵיירֶע גֶעטֶער וֶועלֶען צוּ אֵייךְ וֶוערֶען צוּ אַ שְׁטְרוֹיכְלוּנְג: 4 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען וֶוען דֶער מַלְאַךְ יְהוָֹה הָאט גֶערֶעט דִיא דָאזִיגֶע וֶוערְטֶער צוּ אַלֶע קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל, אַזוֹי הָאבֶּען זַייא אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען זֵייעֶר קוֹל, אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶעווֵיינְט: 5 אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶערוּפֶען דֶעם נָאמֶען פוּן דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען אָרְט בּוֹכִים, אוּנְד זַייא הָאבֶּען דָארְט מַקְרִיב גֶעוֶועזֶען קָרְבָּנוֹת צוּ גָאט: 6 אוּנְד יְהוֹשֻׁעַ הָאט אַוֶועקְגֶעשִׁיקְט דָאס פָאלְק, אוּנְד דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל זֶענֶען גֶעגַאנְגֶען אִיטְלִיכֶער צוּ זַיינֶע נַחֲלָה צוּ יַרְשְׁנְ'ן דָאס לַאנְד: 7 אוּנְד דָאס פָאלְק הָאבֶּען גֶעדִינְט גָאט אַלֶע טֶעג פוּן יְהוֹשֻׁעַ, אוּנְד אַלֶע טֶעג פוּן דִיא זְקֵנִים וָואס הָאבֶּען פֶערְלֶענְגֶערְט זֵיירֶע טֶעג נָאךְ יְהוֹשֻׁעַ, וָואס הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען דִיא

מַעֲשֵׂה יְהוָה הַגָּדוֹל אֲשֶׁר עָשָׂה לְיִשְׂרָאֵל: וַיָּמָת יְהוֹשֻׁעַ 8
בִּן־נוּן עֶבֶד יְהוָה בֶּן־מֵאָה וָעֶשֶׂר שָׁנִים: וַיִּקְבְּרוּ אוֹתוֹ 9
בִּגְבוּל נַחֲלָתוֹ בְּתִמְנַת־חֶרֶס בְּהַר אֶפְרָיִם מִצְּפוֹן לְהַר־
גָּעַשׁ: וְגַם כָּל־הַדּוֹר הַהוּא נֶאֶסְפוּ אֶל־אֲבוֹתָיו וַיָּקָם דּוֹר י
אַחֵר אַחֲרֵיהֶם אֲשֶׁר לֹא־יָדְעוּ אֶת־יְהוָה וְגַם אֶת־הַמַּעֲשֶׂה
אֲשֶׁר עָשָׂה לְיִשְׂרָאֵל: וַיַּעֲשׂוּ בְנֵי־יִשְׂרָאֵל אֶת־הָרַע 11
בְּעֵינֵי יְהוָה וַיַּעַבְדוּ אֶת־הַבְּעָלִים: וַיַּעַזְבוּ אֶת־יְהוָה ׀ אֱלֹהֵי 12
אֲבוֹתָם הַמּוֹצִיא אוֹתָם מֵאֶרֶץ מִצְרַיִם וַיֵּלְכוּ אַחֲרֵי ׀ אֱלֹהִים
אֲחֵרִים מֵאֱלֹהֵי הָעַמִּים אֲשֶׁר סְבִיבוֹתֵיהֶם וַיִּשְׁתַּחֲווּ לָהֶם
וַיַּכְעִסוּ אֶת־יְהוָה: וַיַּעַזְבוּ אֶת־יְהוָה וַיַּעַבְדוּ לַבַּעַל 13
וְלָעַשְׁתָּרוֹת: וַיִּחַר־אַף יְהוָה בְּיִשְׂרָאֵל וַיִּתְּנֵם בְּיַד שֹׁסִים 14
וַיָּשֹׁסּוּ אוֹתָם וַיִּמְכְּרֵם בְּיַד אוֹיְבֵיהֶם מִסָּבִיב וְלֹא־יָכְלוּ עוֹד
לַעֲמֹד לִפְנֵי אוֹיְבֵיהֶם: בְּכֹל ׀ אֲשֶׁר יָצְאוּ יַד־יְהוָה הָיְתָה־ טו
בָּם לְרָעָה כַּאֲשֶׁר דִּבֶּר יְהוָה וְכַאֲשֶׁר נִשְׁבַּע יְהוָה לָהֶם
וַיֵּצֶר לָהֶם מְאֹד: וַיָּקֶם יְהוָה שֹׁפְטִים וַיּוֹשִׁיעוּם מִיַּד 16
שֹׁסֵיהֶם: וְגַם אֶל־שֹׁפְטֵיהֶם לֹא שָׁמֵעוּ כִּי זָנוּ אַחֲרֵי אֱלֹהִים 17
אֲחֵרִים וַיִּשְׁתַּחֲווּ לָהֶם סָרוּ מַהֵר מִן־הַדֶּרֶךְ אֲשֶׁר הָלְכוּ
אֲבוֹתָם לִשְׁמֹעַ מִצְוֺת־יְהוָה לֹא־עָשׂוּ כֵן: וְכִי־הֵקִים יְהוָה ׀ 18
לָהֶם שֹׁפְטִים וְהָיָה יְהוָה עִם־הַשֹּׁפֵט וְהוֹשִׁיעָם מִיַּד אֹיְבֵיהֶם
כֹּל יְמֵי הַשּׁוֹפֵט כִּי־יִנָּחֵם יְהוָה מִנַּאֲקָתָם מִפְּנֵי לֹחֲצֵיהֶם
וְדֹחֲקֵיהֶם: וְהָיָה ׀ בְּמוֹת הַשּׁוֹפֵט יָשֻׁבוּ וְהִשְׁחִיתוּ מֵאֲבוֹתָם 19
לָלֶכֶת אַחֲרֵי אֱלֹהִים אֲחֵרִים לְעָבְדָם וּלְהִשְׁתַּחֲוֺת לָהֶם
לֹא הִפִּילוּ מִמַּעַלְלֵיהֶם וּמִדַּרְכָּם הַקָּשָׁה: וַיִּחַר־אַף יְהוָה כ
בְּיִשְׂרָאֵל וַיֹּאמֶר יַעַן אֲשֶׁר עָבְרוּ הַגּוֹי הַזֶּה אֶת־בְּרִיתִי
אֲשֶׁר צִוִּיתִי אֶת־אֲבוֹתָם וְלֹא שָׁמְעוּ לְקוֹלִי: גַּם־אֲנִי לֹא 21
אוֹסִיף לְהוֹרִישׁ אִישׁ מִפְּנֵיהֶם מִן־הַגּוֹיִם אֲשֶׁר־עָזַב יְהוֹשֻׁעַ
וַיָּמֹת: לְמַעַן נַסּוֹת בָּם אֶת־יִשְׂרָאֵל הֲשֹׁמְרִים הֵם אֶת־ 22
דֶּרֶךְ יְהוָה לָלֶכֶת בָּם כַּאֲשֶׁר שָׁמְרוּ אֲבוֹתָם אִם־לֹא:

גרויסע מַעֲשִׂים פון גָאט וָואס ער הָאט געטהון צו יִשְׂרָאֵל: 8 אונד יְהוֹשֻׁעַ זוהן פון נון דער קנעכט פון גָאט איז געשטָארבען, (ווען) ער איז אַלט געוועזען הונדערט אונד צעהן יָאהר: 9 אונד זייא הָאבען איהם בעגראבען אין דער גרענעץ פון זיינע נַחֲלָה, אין תִּמְנַת־חֶרֶס, אויף דעם בַּארג אֶפְרָיִם, פון צָפוֹן־זייט צו דעם בַּארג גָעַשׁ: 10 אונד אויך דער גאנצער דאזיגער דור איז איינגעזאַמעלט געוואָרען, אונד איין אַנדערער דור איז נָאך זייא אויפגעשטאַנען וָואס הָאבען ניט געקענט יְהוָֹה, אונד אויך ניט דיא מַעֲשֶׂה וָואס ער הָאט געטהון צו יִשְׂרָאֵל: 11 אונד דיא קינדער יִשְׂרָאֵל הָאבען געטהון שלעכטעס אין דיא אויגען פון גָאט, אונד זייא הָאבען געדינט בְּעָלִים: 12 אונד זייא הָאבען פערלָאזט יְהוָֹה, דעם גָאט פון זייערע עלטערן, וָואס הָאט זייא ארויסגעבראַכט אויס דעם לַאנד מִצְרַיִם, אונד זייא זענען נָאכגעגאַנגען אַנדערע געטער, דיא אָפּגעטער פון דיא פעלקער וָואס זענען רינגסאַרום זייא, אונד זייא הָאבען זיך צו זייא געבוקט, אונד זייא הָאבען דערצָארנט יְהוָֹה: 13 אונד זייא הָאבען פערלָאזט יְהוָֹה, אונד זייא הָאבען געדינט צו בַּעַל אונד צו עַשְׁתָּרוֹת: 14 אונד דער צָארן פון גָאט הָאט זיך דערגרימט איבער יִשְׂרָאֵל, אונד ער הָאט זייא איבערגעגעבען אין דיא האַנד פון דיא רויבערס אונד זייא הָאבען זייא בערויבט, אונד ער הָאט זייא פערקויפט אין דיא האַנד פון זייערע פיינד פון רינגסאַרום, אונד זייא הָאבען ניט מעהר געקענט בעשטיין פָאר זייערע פיינד: 15 אַלערטוועגען אַוואו זייא זענען ארויסגעגאַנגען איז דיא האַנד פון גָאט קעגען זייא געוועזען צום בייזען, אזוי ווִיא גָאט הָאט גערעדט, אונד אַזוי ווִיא גָאט הָאט געשוואוירען צו זייא, אונד עס איז צו זייא זעהר ענג געוועזען: 16 אונד גָאט הָאט צו זייא אויפגעשטעלט שׁוֹפְטִים, אונד זייא הָאבען זייא געהָאלפען אויס דער האַנד פון זייערע רויבערס: 17 אָבער זייא הָאבען אויך ניט געוואָלט הערען צו זייערע שׁוֹפְטִים, וָוארין זייא הָאבען מְזַנֶּה געוועזען נָאך דיא פרעמדע אָפּגעטער, אונד זייא הָאבען זיך צו זייא געבוקט; זייא הָאבען געשווינד אָפּגעקעהרט פון דעם וועג וָואס זייערע עלטערן זענען געגאַנגען, צו געהאָרכען דיא מִצְוֺת פון גָאט; אָבער זייא הָאבען ניט אַזוי געטהון: 18 אָבער ווען גָאט הָאט צו זייא אויפגעשטעלט שׁוֹפְטִים אַזוי איז גָאט געוועזען מיט דעם שׁוֹפֵט, אונד ער הָאט זייא געהָאלפען פון דער האַנד פון זייערע פיינד, אַלע טעג פון דעם שׁוֹפֵט, ווייל גָאט הָאט זיך בעדענקט וועגען זייער געשרייא, פַאר זייערע בעדרענגער אונד זייערע אונטערדריקער: 19 אונד עס איז געוועזען ווען דער שׁוֹפֵט איז געשטָארבען, אַזוי הָאבען זייא זיך אָפּגעקעהרט אונד הָאבען זיך מעהר פערדָארבען ווִיא זייערע עלטערן, נָאכצוגיין נָאך פרעמדע געטער כְּדֵי זייא צו דינען אונד זיך צו זייא צו בוקען, זייא זענען ניט אָפּגעפאַלען פון זייערע שלעכטע מַעֲשִׂים אונד פון זייערע האַרטע וועגען: 20 אונד דער צָארן פון גָאט הָאט זיך דערגרימט איבער יִשְׂרָאֵל, אונד ער הָאט געזָאגט, ווייל דָאס דאזיגע פָאלק הָאט עוֹבֵר געוועזען אויף מיין בְּרִית וָואס איך הָאב געבָאטען צו זייערע עלטערן, אונד זייא הָאבען ניט געוואָלט הערען צו מיין קוֹל: 21 אַזוי וועל איך ניט מעהר פערטרייבען אַ מַאן פון פַאר זייא פון דיא פעלקער וָואס יְהוֹשֻׁעַ הָאט איבערגעלָאזט ווען ער איז געשטָארבען: 22 אַז יִשְׂרָאֵל זָאל דורך זייא געפּריפט ווערען, אויב זייא וועלען היטען דעם וועג פון גָאט אום דארין צו גיין, אַזוי ווִיא זייערע עלטערן הָאבען געהיט אָדער ניט:

23 וַיַּנַּח יְהוָה אֶת־הַגּוֹיִם הָאֵלֶּה לְבִלְתִּי הוֹרִישָׁם מַהֵר וְלֹא
נְתָנָם בְּיַד יְהוֹשֻׁעַ׃

ג

א וְאֵלֶּה הַגּוֹיִם אֲשֶׁר הִנִּיחַ יְהוָה לְנַסּוֹת בָּם אֶת־יִשְׂרָאֵל
2 אֵת כָּל־אֲשֶׁר לֹא־יָדְעוּ אֵת כָּל־מִלְחֲמוֹת כְּנָעַן׃ רַק לְמַעַן
דַּעַת דֹּרוֹת בְּנֵי־יִשְׂרָאֵל לְלַמְּדָם מִלְחָמָה רַק אֲשֶׁר־
3 לְפָנִים לֹא יְדָעוּם׃ חֲמֵשֶׁת ׀ סַרְנֵי פְלִשְׁתִּים וְכָל־הַכְּנַעֲנִי
וְהַצִּידֹנִי וְהַחִוִּי יֹשֵׁב הַר הַלְּבָנוֹן מֵהַר בַּעַל חֶרְמוֹן עַד
4 לְבוֹא חֲמָת׃ וַיִּהְיוּ לְנַסּוֹת בָּם אֶת־יִשְׂרָאֵל לָדַעַת הֲיִשְׁמְעוּ
ה אֶת־מִצְוֹת יְהוָה אֲשֶׁר־צִוָּה אֶת־אֲבוֹתָם בְּיַד־מֹשֶׁה׃ וּבְנֵי
יִשְׂרָאֵל יָשְׁבוּ בְּקֶרֶב הַכְּנַעֲנִי הַחִתִּי וְהָאֱמֹרִי וְהַפְּרִזִּי
6 וְהַחִוִּי וְהַיְבוּסִי׃ וַיִּקְחוּ אֶת־בְּנוֹתֵיהֶם לָהֶם לְנָשִׁים וְאֶת־
7 בְּנוֹתֵיהֶם נָתְנוּ לִבְנֵיהֶם וַיַּעַבְדוּ אֶת־אֱלֹהֵיהֶם׃ וַיַּעֲשׂוּ
בְנֵי־יִשְׂרָאֵל אֶת־הָרַע בְּעֵינֵי יְהוָה וַיִּשְׁכְּחוּ אֶת־יְהוָה
8 אֱלֹהֵיהֶם וַיַּעַבְדוּ אֶת־הַבְּעָלִים וְאֶת־הָאֲשֵׁרוֹת׃ וַיִּחַר־אַף
יְהוָה בְּיִשְׂרָאֵל וַיִּמְכְּרֵם בְּיַד כּוּשַׁן רִשְׁעָתַיִם מֶלֶךְ אֲרַם
נַהֲרָיִם וַיַּעַבְדוּ בְנֵי־יִשְׂרָאֵל אֶת־כּוּשַׁן רִשְׁעָתַיִם שְׁמֹנֶה
9 שָׁנִים׃ וַיִּזְעֲקוּ בְנֵי־יִשְׂרָאֵל אֶל־יְהוָה וַיָּקֶם יְהוָה מוֹשִׁיעַ
לִבְנֵי יִשְׂרָאֵל וַיּוֹשִׁיעֵם אֵת עָתְנִיאֵל בֶּן־קְנַז אֲחִי כָלֵב
י הַקָּטֹן מִמֶּנּוּ׃ וַתְּהִי עָלָיו רוּחַ־יְהוָה וַיִּשְׁפֹּט אֶת־יִשְׂרָאֵל
וַיֵּצֵא לַמִּלְחָמָה וַיִּתֵּן יְהוָה בְּיָדוֹ אֶת־כּוּשַׁן רִשְׁעָתַיִם מֶלֶךְ
11 אֲרָם וַתָּעָז יָדוֹ עַל כּוּשַׁן רִשְׁעָתָיִם׃ וַתִּשְׁקֹט הָאָרֶץ
12 אַרְבָּעִים שָׁנָה וַיָּמָת עָתְנִיאֵל בֶּן־קְנַז׃ וַיֹּסִפוּ בְּנֵי
יִשְׂרָאֵל לַעֲשׂוֹת הָרַע בְּעֵינֵי יְהוָה וַיְחַזֵּק יְהוָה אֶת־עֶגְלוֹן
מֶלֶךְ־מוֹאָב עַל־יִשְׂרָאֵל עַל כִּי־עָשׂוּ אֶת־הָרַע בְּעֵינֵי יְהוָה׃
13 וַיֶּאֱסֹף אֵלָיו אֶת־בְּנֵי־עַמּוֹן וַעֲמָלֵק וַיֵּלֶךְ וַיַּךְ אֶת־יִשְׂרָאֵל
14 וַיִּירְשׁוּ אֶת־עִיר הַתְּמָרִים׃ וַיַּעַבְדוּ בְנֵי־יִשְׂרָאֵל אֶת־עֶגְלוֹן
טו מֶלֶךְ־מוֹאָב שְׁמוֹנֶה עֶשְׂרֵה שָׁנָה׃ וַיִּזְעֲקוּ בְנֵי־יִשְׂרָאֵל

23 דָארוּם הָאט גָאט גֶעלָאזְט דִיא דָאזִי־
גֶע פֶעלְקֶער כְּדֵי עֶר זָאל זַייא נִיט
גֶעשְׁווִינְד פֶערטְרַייבֶּען, אוּנְד עֶר הָאט
זַייא נִיט אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען אִין דִיא הַאנְד
פוּן יְהוֹשֻׁעַ׃

## קאפיטעל ג

1 אוּנְד דָאס זֶענֶען דִיא פֶעלְקֶער וָואס
גָאט הָאט אִיבֶּערְגֶעלָאזְט מִיט זַייא צוּ
פְּרִיפֶען יִשְׂרָאֵל, אַלֶע דִיא וָואס הָאבֶּען
נִיט גֶעווּאוּסְט פוּן אַלֶע מִלְחָמוֹת פוּן
כְּנַעַן׃ 2 נָאר כְּדֵי דִיא דּוֹרוֹת פוּן דִיא
קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל זָאלֶען וִויסֶען אוּם זַייא
דִיא מִלְחָמָה צוּ לֶערְנֶען—נָאר צוּ זָאלְכֶע
וָואס הָאבֶּען נִיט דֶערְפוּן פְרִיהֶער גֶע־
ווּאוּסְט׃ 3 פִינְף הַארְען פוּן דִיא פְּלִשְׁתִּים
אוּנְד אַלֶע כְּנַעֲנִים, אוּנְד דִיא צִידוֹנִים,
אוּנְד דֶעם חִוִי וָואס ווֹאוֹינְט אוֹיף דֶעם
בַּארְג לְבָנוֹן, פוּן דֶעם בַּארְג בַּעַל חֶרְמוֹן,
בִּיז מֶען קוּמְט קֵיין חֲמָת׃ 4 אוּנְד זַייא
זֶענֶען גֶעווֶעזֶען צוּ פְּרִיפֶען מִיט זַייא דִיא
יִשְׂרָאֵל, צוּ וִויסֶען אוֹיבּ זַייא ווֶעלֶען צוּ
הֶערֶען צוּ דִיא מִצְוֹת פוּן גָאט, וָואס עֶר
הָאט גֶעגֶעבֶּען צוּ זַיירֶע עֶלְטֶערְן דוּרְךְ
מֹשֶׁה׃ 5 אוּנְד דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל הָאבֶּען גֶעווֹאוֹינְט צְווִישֶׁען דֶעם כְּנַעֲנִי,
דֶעם חִתִּי אוּנְד דֶעם אֱמֹרִי, אוּנְד דֶעם פְּרִזִּי, אוּנְד דֶעם חִוִּי, אוּנְד דֶעם יְבוּסִי׃ 6 אוּנְד
זַייא הָאבֶּען צוּ זִיךְ גֶענוּמֶען זַיירֶע טֶעכְטֶער פַאר ווַייבֶּער, אוּנְד זַיירֶע טֶעכְטֶער
הָאבֶּען זַייא גֶעגֶעבֶּען צוּ זַיירֶע זִיהְן, אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶעדִינְט זַיירֶע אָפְּגֶעטֶער׃
7 אוּנְד דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל הָאבֶּען גֶעטְהוּן דָאס וָואס אִיז שְׁלֶעכְט אִין דִיא אוֹי־
גֶען פוּן גָאט, אוּנְד זַייא הָאבֶּען פֶערְגֶעסְּען דֶעם הַאר זַייעֶר גָאט, אוּנְד זַייא הָאבֶּען
גֶעדִינְט דִיא גֶעצֶען בְּעָלִים אוּנְד דִיא לִינְדֶען־בּוֹימֶער׃ 8 אוּנְד דֶער צָארְן פוּן
גָאט הָאט דֶערגְרִימְט קֶעגֶען יִשְׂרָאֵל, אוּנְד עֶר הָאט זַייא אִיבֶּערְגֶעאֶנְטפֶערְט אִין
דִיא הַאנְד פוּן כּוּשַׁן רִשְׁעָתַיִם, מֶלֶךְ פוּן אֲרַם נַהֲרַיִם, אוּנְד דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל
הָאבֶּען גֶעדִינְט דֶעם כּוּשַׁן רִשְׁעָתַיִם אַכְט יָאהְר׃ 9 אוּנְד דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל
הָאבֶּען גֶעשְׁרִיעֶן צוּ גָאט, אַזוֹי הָאט גָאט אוֹיפְגֶעשְׁטֶעלְט אַ הֶעלְפֶער צוּ דִיא
קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל, אוּנְד עֶר הָאט זַייא גֶעהָאלְפֶען, נֶעמְלִיךְ עָתְנִיאֵל דֶער זוּהְן פוּן
קְנַז, כָּלֵב'ס יוּנְגֶערֶער בְּרוּדֶער׃ 10 אוּנְד דֶער רוּחַ פוּן גָאט אִיז אוֹיף
אִיהְם גֶעווֶעזֶען, אוּנְד עֶר הָאט יִשְׂרָאֵל גֶעמִשְׁפָּט, אוּנְד עֶר אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְ־
גֶען מִלְחָמָה צוּ הַאלְטֶען, אוּנְד גָאט הָאט אִין זַיינֶע הַאנְד גֶעגֶעבֶּען דֶעם כּוּשַׁן
רִשְׁעָתַיִם, קֶענִיג פוּן אֲרָם, אוּנְד זַיינֶע הַאנְד הָאט זִיךְ גֶעשְׁטַארְקְט קֶעגֶען כּוּשַׁן
רִשְׁעָתַיִם׃ 11 אוּנְד דָאס לַאנְד אִיז שְׁטִיל גֶעווֶעזֶען פִירְצִיג יָאהְר, אוּנְד עָתְנִיאֵל
זוּהְן פוּן קְנַז אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען׃ 12 אוּנְד דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל הָאבֶּען ווִידֶער
שְׁלֶעכְטֶעס גֶעטְהוּן אִין דִיא אוֹיגֶען פוּן גָאט, אוּנְד גָאט הָאט גֶעשְׁטַארְקְט
דֶעם עֶגְלוֹן קֶענִיג פוּן מוֹאָב קֶעגֶען יִשְׂרָאֵל, ווֵייל זַייא הָאבֶּען גֶעטְהוּן דָאס
שְׁלֶעכְטֶע אִין דִיא אוֹיגֶען פוּן גָאט׃ 13 אוּנְד עֶר הָאט צוּ זִיךְ אֵיינְגֶעזַאמֶעלְט
דִיא בְּנֵי־עַמּוֹן אוּנְד עֲמָלֵק, אוּנְד עֶר אִיז גֶעגַאנְגֶען אוּנְד הָאט גֶעשְׁלָאגֶען יִשְׂרָאֵל אוּנְד
זַייא הָאבֶּען אֵיינְגֶענוּמֶען עִיר הַתְּמָרִים׃ 14 אוּנְד דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל הָאבֶּען גֶעדִינְט
עֶגְלוֹן קֶענִיג פוּן מוֹאָב אַכְצֶען יָאהְר׃ 15 אוּנְד דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל הָאבֶּען גֶעשְׁרִיעֶן

אֶל־יְהוָה וַיָּקֶם יְהוָה לָהֶם מוֹשִׁיעַ אֶת־אֵהוּד בֶּן־גֵּרָא בֶּן־
הַיְמִינִי אִישׁ אִטֵּר יַד־יְמִינוֹ וַיִּשְׁלְחוּ בְנֵי־יִשְׂרָאֵל בְּיָדוֹ
16 מִנְחָה לְעֶגְלוֹן מֶלֶךְ מוֹאָב׃ וַיַּעַשׂ לוֹ אֵהוּד חֶרֶב וְלָהּ
שְׁנֵי פֵיוֹת גֹּמֶד אָרְכָּהּ וַיַּחְגֹּר אוֹתָהּ מִתַּחַת לְמַדָּיו עַל יֶרֶךְ
17 יְמִינוֹ׃ וַיַּקְרֵב אֶת־הַמִּנְחָה לְעֶגְלוֹן מֶלֶךְ מוֹאָב וְעֶגְלוֹן
18 אִישׁ בָּרִיא מְאֹד׃ וַיְהִי כַּאֲשֶׁר כִּלָּה לְהַקְרִיב אֶת־הַמִּנְחָה
19 וַיְשַׁלַּח אֶת־הָעָם נֹשְׂאֵי הַמִּנְחָה׃ וְהוּא שָׁב מִן־הַפְּסִילִים
אֲשֶׁר אֶת־הַגִּלְגָּל וַיֹּאמֶר דְּבַר־סֵתֶר לִי אֵלֶיךָ הַמֶּלֶךְ וַיֹּאמֶר
כ הָס וַיֵּצְאוּ מֵעָלָיו כָּל־הָעֹמְדִים עָלָיו׃ וְאֵהוּד ׀ בָּא אֵלָיו
וְהוּא יֹשֵׁב בַּעֲלִיַּת הַמְּקֵרָה אֲשֶׁר־לוֹ לְבַדּוֹ וַיֹּאמֶר אֵהוּד
21 דְּבַר־אֱלֹהִים לִי אֵלֶיךָ וַיָּקָם מֵעַל הַכִּסֵּא׃ וַיִּשְׁלַח אֵהוּד
אֶת־יַד שְׂמֹאלוֹ וַיִּקַּח אֶת־הַחֶרֶב מֵעַל יֶרֶךְ יְמִינוֹ וַיִּתְקָעֶהָ
22 בְּבִטְנוֹ׃ וַיָּבֹא גַם־הַנִּצָּב אַחַר הַלַּהַב וַיִּסְגֹּר הַחֵלֶב בְּעַד
הַלַּהַב כִּי לֹא שָׁלַף הַחֶרֶב מִבִּטְנוֹ וַיֵּצֵא הַפַּרְשְׁדֹנָה׃
23 וַיֵּצֵא אֵהוּד הַמִּסְדְּרוֹנָה וַיִּסְגֹּר דַּלְתוֹת הָעֲלִיָּה בַּעֲדוֹ וְנָעָל׃
24 וְהוּא יָצָא וַעֲבָדָיו בָּאוּ וַיִּרְאוּ וְהִנֵּה דַּלְתוֹת הָעֲלִיָּה נְעֻלוֹת
כה וַיֹּאמְרוּ אַךְ מֵסִיךְ הוּא אֶת־רַגְלָיו בַּחֲדַר הַמְּקֵרָה׃ וַיָּחִילוּ
עַד־בּוֹשׁ וְהִנֵּה אֵינֶנּוּ פֹתֵחַ דַּלְתוֹת הָעֲלִיָּה וַיִּקְחוּ אֶת־
26 הַמַּפְתֵּחַ וַיִּפְתָּחוּ וְהִנֵּה אֲדֹנֵיהֶם נֹפֵל אַרְצָה מֵת׃ וְאֵהוּד
נִמְלַט עַד הִתְמַהְמְהָם וְהוּא עָבַר אֶת־הַפְּסִילִים וַיִּמָּלֵט
27 הַשְּׂעִירָתָה׃ וַיְהִי בְּבוֹאוֹ וַיִּתְקַע בַּשּׁוֹפָר בְּהַר אֶפְרָיִם
28 וַיֵּרְדוּ עִמּוֹ בְנֵי־יִשְׂרָאֵל מִן־הָהָר וְהוּא לִפְנֵיהֶם׃ וַיֹּאמֶר
אֲלֵהֶם רִדְפוּ אַחֲרַי כִּי־נָתַן יְהוָה אֶת־אֹיְבֵיכֶם אֶת־מוֹאָב
בְּיֶדְכֶם וַיֵּרְדוּ אַחֲרָיו וַיִּלְכְּדוּ אֶת־מַעְבְּרוֹת הַיַּרְדֵּן לְמוֹאָב
29 וְלֹא־נָתְנוּ אִישׁ לַעֲבֹר׃ וַיַּכּוּ אֶת־מוֹאָב בָּעֵת הַהִיא כַּעֲשֶׂרֶת
אֲלָפִים אִישׁ כָּל־שָׁמֵן וְכָל־אִישׁ חָיִל וְלֹא נִמְלַט אִישׁ׃
ל וַתִּכָּנַע מוֹאָב בַּיּוֹם הַהוּא תַּחַת יַד יִשְׂרָאֵל וַתִּשְׁקֹט הָאָרֶץ

צו גאָט, אונד גאָט האָט אויפגעשטעלט פאַר זייא אַ העלפער, דעם אֵהוּד זוהן פון גֵרָא, פון שבט בנימין, ער איז געוועזען אַ מאַן שוואַך אין זיינע רעכטע האַנד, אונד דיא קינדער ישׂראל האָבען דורך איהם געשיקט אַ מתּנה צו עֶגלוֹן מלך פון מוֹאָב: 16 אונד אֵהוּד האָט זיך געמאַכט אַ שאַרף־שווערד מיט צווייא שאַרפען, אַ גוֹמֶד לאַנג, אונד ער האָט זיא אָנגעגאַרטעלט אונטער זיין קלייד, אויף זיינע רעכטע זייט: 17 אונד ער האָט גענעהנט דיא מתּנה צו עֶגלוֹן קעניג פון מוֹאָב, אונד עֶגלוֹן איז געוועזען אַ זעהר פעטער מאַן: 18 אונד עס איז געוועזען ווען ער האָט געענדיגט נאָהענט צו ברענגען דיא מתּנה אַזוֹי האָט ער אַוועקגעשיקט דאָס פאָלק וואָס האָט געטראָגען דיא מתּנה: 19 אָבער ער האָט זיך אומגעקעהרט פון דיא געצענבילדער וואָס זענען אין גִלגָל, אונד ער האָט געזאָגט, איך האָב דיר אַ געהיימניס צו זאָגען, אָ קעניג, אונד ער האָט געזאָגט, זייא שטיל, אונד אַלע וואָס זענען בייא איהם געשטאַנען זענען פון איהם אַרויסגעגאַנגען: 20 אונד אֵהוּד איז צו איהם געקומען, אונד ער איז געזעסען אין דיא אויבערשטע קיהלע שטוב פאַר זיך אַליין, אונד אֵהוּד האָט געזאָגט, איך האָב דיר צו זאָגען אַ געטליכע זאַך, אַזוֹי איז ער אויפגעשטאַנען פון זיין שטוהל: 21 אונד אֵהוּד האָט אויסגעשטרעקט זיינע לינקע האַנד אונד האָט גענומען דאָס שווערד פון זיינע רעכטע זייט, אונד ער האָט זיא אַריינגעשטאָכען אין זיין בויך: 22 אונד דאָס שטיל איז אויך אַריינגעקומען נאָך דער קלינג, אונד דאָס חלב האָט פערשלאָסען אונד בעדעקט דיא קלינג, וואָרין ער האָט ניט אַרויסגעצויגען דאָס שווערד פון זיין בויך, אָבער דאָס מיסט איז פון איהם אַרויסגעגאַנגען: 23 אונד אֵהוּד איז אַרויסגעגאַנגען דורך דעם פאָרהויז, אונד ער האָט פאַר איהם פערשלאָסען דיא טהיר פון דער אויבער־שטוב אונד האָט פערריגעלט: 24 אונד ווען ער איז אַרויסגעגאַנגען אַזוֹי זענען זיינע קנעכט אַריינגעקומען, אונד ווען זייא האָבען געזעהען אַז דיא טהירען פון דער אויבער־שטוב זענען פערשלאָסען אַזוֹי האָבען זייא געזאָגט, ער האָט נאָר בעדעקט זיינע פיס אין דער קיהלען שטוב: 25 אונד זייא האָבען געוואַרט ביז זייא האָבען זיך לאַנג געזוימט, אונד זעה, דיא טהירען פון דער אויבער־שטוב זענען ניט אויפגעמאַכט געוואָרען, אַזוֹי האָבען זייא גענומען דעם שליסעל אונד האָבען אויפגעמאַכט, אונד זעה, זייער האַר איז געפאַלען צו דער ערד טויט: 26 אונד אֵהוּד איז אַנטלאָפען ווייל זייא האָבען זיך געזוימט, אונד ער איז פאַרבייא געגאַנגען אַזוי מען האַקט דיא שטיינער, אונד איז אַנטלאָפען קיין שׂעִיר: 27 אונד ווען ער איז אָנגעקומען האָט ער געבלאָזען מיט דעם שופר אויף דעם בארג אֶפרַיִם, אַזוֹי זענען דיא קינדער ישׂראל מיט איהם אַראָפגענידערט פון דעם בארג, אונד ער איז פאַר זייא געוועזען: 28 אונד ער האָט צו זייא געזאָגט, יאָגט נאָך מיך וואָרין גאָט האָט געגעבען אייערע פיינד מוֹאָב אין אייערע הענד—אונד זייא זענען הינטער איהם אַראָפגעגאַנגען, אונד זייא האָבען איינגענומען דיא איבערפאָהרטען פון דעם ירדן קעגען מוֹאָב, אונד זייא האָבען קיין מאַן ניט געלאָזט איבערפאָהרען: 29 אונד זייא האָבען אין דערזעלביגער צייט געשלאָגען פון מוֹאָב אַן ערך פון צעהן טויזענד מאַן, נעמליך אַלע פעטע לייט אונד איטליכען שטאַרקען העלד, אונד קיינער איז פון זייא ניט אַנטרינען געוואָרען: 30 אונד מוֹאָב איז אין דעמזעלביגען טאָג אונטערטעניג געוואָרען אונטער דיא האַנד פון ישׂראל, אונד דאָס לאַנד איז שטיל געוועזען

31 שְׁמוֹנִים שָׁנָה׃ וְאַחֲרָיו הָיָה שַׁמְגַּר בֶּן־עֲנָת וַיַּךְ אֶת־
פְּלִשְׁתִּים שֵׁשׁ־מֵאוֹת אִישׁ בְּמַלְמַד הַבָּקָר וַיּוֹשַׁע גַּם־הוּא
אֶת־יִשְׂרָאֵל׃

ד

א וַיֹּסִפוּ בְּנֵי יִשְׂרָאֵל לַעֲשׂוֹת הָרַע בְּעֵינֵי יְהוָה וְאֵהוּד מֵת׃
2 וַיִּמְכְּרֵם יְהוָה בְּיַד יָבִין מֶלֶךְ־כְּנַעַן אֲשֶׁר מָלַךְ בְּחָצוֹר
3 וְשַׂר־צְבָאוֹ סִיסְרָא וְהוּא יוֹשֵׁב בַּחֲרֹשֶׁת הַגּוֹיִם׃ וַיִּצְעֲקוּ
בְנֵי־יִשְׂרָאֵל אֶל־יְהוָה כִּי תְּשַׁע מֵאוֹת רֶכֶב־בַּרְזֶל לוֹ
וְהוּא לָחַץ אֶת־בְּנֵי יִשְׂרָאֵל בְּחָזְקָה עֶשְׂרִים שָׁנָה׃
4 וּדְבוֹרָה אִשָּׁה נְבִיאָה אֵשֶׁת לַפִּידוֹת הִיא שֹׁפְטָה אֶת־
ה יִשְׂרָאֵל בָּעֵת הַהִיא׃ וְהִיא יוֹשֶׁבֶת תַּחַת־תֹּמֶר דְּבוֹרָה
בֵּין הָרָמָה וּבֵין בֵּית־אֵל בְּהַר אֶפְרָיִם וַיַּעֲלוּ אֵלֶיהָ בְּנֵי
6 יִשְׂרָאֵל לַמִּשְׁפָּט׃ וַתִּשְׁלַח וַתִּקְרָא לְבָרָק בֶּן־אֲבִינֹעַם
מִקֶּדֶשׁ נַפְתָּלִי וַתֹּאמֶר אֵלָיו הֲלֹא־צִוָּה ׀ יְהוָה אֱלֹהֵי־
יִשְׂרָאֵל לֵךְ וּמָשַׁכְתָּ בְּהַר תָּבוֹר וְלָקַחְתָּ עִמְּךָ עֲשֶׂרֶת
7 אֲלָפִים אִישׁ מִבְּנֵי נַפְתָּלִי וּמִבְּנֵי זְבֻלוּן׃ וּמָשַׁכְתִּי אֵלֶיךָ
אֶל־נַחַל קִישׁוֹן אֶת־סִיסְרָא שַׂר־צְבָא יָבִין וְאֶת־רִכְבּוֹ
8 וְאֶת־הֲמוֹנוֹ וּנְתַתִּיהוּ בְּיָדֶךָ׃ וַיֹּאמֶר אֵלֶיהָ בָּרָק אִם־תֵּלְכִי
9 עִמִּי וְהָלָכְתִּי וְאִם־לֹא תֵלְכִי עִמִּי לֹא אֵלֵךְ׃ וַתֹּאמֶר הָלֹךְ
אֵלֵךְ עִמָּךְ אֶפֶס כִּי לֹא תִהְיֶה תִּפְאַרְתְּךָ עַל־הַדֶּרֶךְ אֲשֶׁר־
אַתָּה הוֹלֵךְ כִּי בְיַד־אִשָּׁה יִמְכֹּר יְהוָה אֶת־סִיסְרָא וַתָּקָם
י דְּבוֹרָה וַתֵּלֶךְ עִם־בָּרָק קֶדְשָׁה׃ וַיַּזְעֵק בָּרָק אֶת־זְבוּלֻן
וְאֶת־נַפְתָּלִי קֶדְשָׁה וַיַּעַל בְּרַגְלָיו עֲשֶׂרֶת אַלְפֵי אִישׁ וַתַּעַל
11 עִמּוֹ דְּבוֹרָה׃ וְחֶבֶר הַקֵּינִי נִפְרָד מִקַּיִן מִבְּנֵי חֹבָב חֹתֵן
12 מֹשֶׁה וַיֵּט אָהֳלוֹ עַד־אֵלוֹן בְּצַעֲנַנִּים אֲשֶׁר אֶת־קֶדֶשׁ׃ וַיַּגִּדוּ
13 לְסִיסְרָא כִּי עָלָה בָּרָק בֶּן־אֲבִינֹעַם הַר־תָּבוֹר׃ וַיַּזְעֵק
סִיסְרָא אֶת־כָּל־רִכְבּוֹ תְּשַׁע מֵאוֹת רֶכֶב בַּרְזֶל וְאֶת־כָּל־

אַכְטציג יָאהְר׃ 31 אוּנְד נָאךְ אִיהְם אִיז גֶעוֶועזֶען שַׁמְגַר, זוּהְן פוּן עֲנָת, אוּנְד עֶר הָאט גֶעשְׁלָאגֶען (פוּן) דִיא פְּלִשְׁתִּים זֶעקְס הוּנְדֶערְט מַאן, מִיט אַ גֶעוֶויין אֵייזֶען פוּן רִינְדֶער, אוּנְד עֶר הָאט אוֹיךְ גֶעהָאלְפֶען יִשְׂרָאֵל׃

## קאפיטעל ד

1 אוּנְד דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל הָאבֶּען ווִידֶער שְׁלֶעכְטֶעס גֶעטְהוּן אִין דִיא אוֹיגֶען פוּן גָאט אוּנְד אֵהוּד אִיז גֶע־שְׁטָארְבֶּען׃ 2 אוּנְד גָאט הָאט זֵייא אִיבֶּערְגֶעעֶנטפֶערְט אִין דִיא הַאנְד פוּן יָבִין מֶלֶךְ פוּן כְּנַעַן, ווָאס הָאט רֶעגִירְט אִין חָצוֹר, אוּנְד זֵיין הוֹיפְּטמַאן אִיז גֶע־ווֶעזֶען סִיסְרָא, אוּנְד עֶר הָאט גֶעווָאוֹינְט אִין חֲרוֹשֶׁת פוּן דִיא גוֹיִם׃ 3 אוּנְד דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל הָאבֶּען גֶעשְׁרִיעֶן צוּ גָאט, ווָארִין עֶר הָאט גֶעהַאט נֵיין הוּנְ־דֶערְט אֵייזֶערְנֶע רֵייטְוֶועגֶען, אוּנְד עֶר הָאט דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל שְׁטַארְק אוּנְטֶערדְרִיקְט צְוַאנְצִיג יָאהְר׃

4 אוּנְד דְבוֹרָה אִיז גֶעוֶועזֶען אַ נְבִיאָה, דָאס ווייבּ פוּן לַפִּידוֹת, זִיא הָאט צוּ דֶער דָאזִיגֶער צֵייט גֶעמִשְׁפָּט יִשְׂרָאֵל׃ 5 אוּנְד זִיא הָאט גֶעווָאוֹינְט אוּנְטֶער דֶעם טֵייטֶעל־בּוֹים פוּן דְבוֹרָה, צְווִישֶׁען רָמָה אוּנְד צְווִישֶׁען בֵּית־אֵל אוֹיף דֶעם בַּארְג אֶפְרָיִם, אוּנְד דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל זֶענֶען צוּ אִיהְר אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען צוּ דֶעם מִשְׁפָּט׃ 6 אוּנְד זִיא הָאט אַהִינְגֶעשִׁיקְט אוּנְד הָאט גֶעלָאזְט רוּפֶען בָּרָק זוּהְן פוּן אַבִינוֹעַם אוֹיס קֶדֶשׁ אִין נַפְתָּלִי, אוּנְד זִיא הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, הָאט נִיט דֶער הַאר גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל גֶעבָּאטֶען, גֵייא אוּנְד צִיה דִיךְ קֶעגֶען דֶעם בַּארְג תָּבוֹר, אוּנְד נֶעם מִיט דִיר צֶעהְן טוֹיזֶענְד מַאן פוּן דִיא קִינְדֶער נַפְתָּלִי אוּנְד פוּן דִיא קִינְדֶער זְבֻלוּן? 7 אוּנְד אִיךְ ווֶעל (אוֹיךְ) צוּ דִיר צִיהֶען צוּ דֶעם טֵייךְ קִישׁוֹן סִיסְרָא דֶעם הוֹיפְּטמַאן פוּן יָבִין, מִיט זֵיינֶע רֵייט־ווֶעגֶען, אוּנְד זֵיינֶע מַאסֶע, אוּנְד אִיךְ ווֶעל אִיהְם גֶעבֶּען אִין דֵיינֶע הַאנְד׃ 8 אוּנְד בָּרָק הָאט צוּ אִיהְר גֶעזָאגְט, ווֶען דוּא ווֶעסְט מִיט מִיר גֵיין אַזוֹי ווֶעל אִיךְ אוֹיךְ גֵיין, אָבֶּער ווֶען דוּא ווֶעסְט נִיט מִיט מִיר גֵיין ווֶעל אִיךְ (אוֹיךְ) נִיט גֵיין׃ 9 אוּנְד זִיא הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ ווֶעל גֶעווִיס מִיט דִיר גֵיין, נֵייעֶרְט דֶער ווֶעג ווָאס דוּא גֵייסְט ווֶעט נִיט זֵיין צוּ דֵיינֶע שֵׁיינְקֵייט, ווָארִין גָאט ווֶעט אִיבֶּערְ־עֶנְטְפֶערְן דֶעם סִיסְרָא אִין דִיא הַאנְד פוּן אַ פְרוֹיא; אַזוֹי אִיז דְבוֹרָה אוֹיפְגֶע־שְׁטַאנֶען אוּנְד אִיז גֶעגַאנְגֶען מִיט בָּרָק קֵיין קֶדֶשׁ׃ 10 אוּנְד בָּרָק הָאט צוּזַאמֶען גֶערוּפֶען זְבוּלֻן אוּנְד נַפְתָּלִי קֵיין קֶדֶשׁ, אוּנְד עֶר אִיז אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען מִיט צֶעהְן טוֹיזֶענְד מַאן צוּ פוּס, אוּנְד דְבוֹרָה אִיז אוֹיךְ מִיט אִיהְם אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען׃ 11 אוּנְד חֶבֶר דֶער קֵינִי ווָאס אִיז גֶעוֶועזֶען פוּן דֶער מִשְׁפָּחָה פוּן חוֹבָב, מֹשֶׁה׳ס שְׁווֶער, הָאט זִיךְ אָפְּגֶעשֵׁיידְט פוּן קַיִן, אוּנְד עֶר הָאט אוֹיפְגֶעשְׁטֶעלְט זֵיין גֶעצֶעלְט בִּיז צוּ דֶעם פְּלוֹין בֵּייא צַעֲנַנִים, ווָאס אִיז בֵּייא קֶדֶשׁ׃ 12 אוּנְד מֶען הָאט אָנְגֶעזָאגְט צוּ סִיסְרָא אַז בָּרָק דֶער זוּהְן פוּן אַבִינוֹעַם אִיז אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען אוֹיף דֶעם בַּארְג תָּבוֹר׃ 13 אַזוֹי הָאט סִיסְרָה צוּזַאמֶענְגֶערוּפֶען אַלֶע זֵיינֶע נֵיין הוּנְדֶערְט אֵייזֶערְנֶע רֵייטְוֶועגֶען, אוּנְד דָאס גַאנְצֶע

הָעָם אֲשֶׁר אִתּוֹ מֵחֲרֹשֶׁת הַגּוֹיִם אֶל־נַחַל קִישׁוֹן׃ וַתֹּאמֶר 14
דְּבֹרָה אֶל־בָּרָק קוּם כִּי זֶה הַיּוֹם אֲשֶׁר נָתַן יְהוָה אֶת־
סִיסְרָא בְּיָדֶךָ הֲלֹא יְהוָה יָצָא לְפָנֶיךָ וַיֵּרֶד בָּרָק מֵהַר
תָּבוֹר וַעֲשֶׂרֶת אֲלָפִים אִישׁ אַחֲרָיו׃ וַיָּהָם יְהוָה אֶת־ טו
סִיסְרָא וְאֶת־כָּל־הָרֶכֶב וְאֶת־כָּל־הַמַּחֲנֶה לְפִי־חֶרֶב לִפְנֵי
בָרָק וַיֵּרֶד סִיסְרָא מֵעַל הַמֶּרְכָּבָה וַיָּנָס בְּרַגְלָיו׃ וּבָרָק 16
רָדַף אַחֲרֵי הָרֶכֶב וְאַחֲרֵי הַמַּחֲנֶה עַד חֲרֹשֶׁת הַגּוֹיִם וַיִּפֹּל
כָּל־מַחֲנֵה סִיסְרָא לְפִי־חֶרֶב לֹא נִשְׁאַר עַד־אֶחָד׃ וְסִיסְרָא 17
נָס בְּרַגְלָיו אֶל־אֹהֶל יָעֵל אֵשֶׁת חֶבֶר הַקֵּינִי כִּי שָׁלוֹם בֵּין
יָבִין מֶלֶךְ־חָצוֹר וּבֵין בֵּית חֶבֶר הַקֵּינִי׃ וַתֵּצֵא יָעֵל לִקְרַאת 18
סִיסְרָא וַתֹּאמֶר אֵלָיו סוּרָה אֲדֹנִי סוּרָה אֵלַי אַל־תִּירָא
וַיָּסַר אֵלֶיהָ הָאֹהֱלָה וַתְּכַסֵּהוּ בַּשְּׂמִיכָה׃ וַיֹּאמֶר אֵלֶיהָ 19
הַשְׁקִינִי־נָא מְעַט־מַיִם כִּי צָמֵאתִי וַתִּפְתַּח אֶת־נֹאוד הֶחָלָב
וַתַּשְׁקֵהוּ וַתְּכַסֵּהוּ׃ וַיֹּאמֶר אֵלֶיהָ עֲמֹד פֶּתַח הָאֹהֶל וְהָיָה כ
אִם־אִישׁ יָבֹא וּשְׁאֵלֵךְ וְאָמַר הֲיֵשׁ־פֹּה אִישׁ וְאָמַרְתְּ אָיִן׃
וַתִּקַּח יָעֵל אֵשֶׁת־חֶבֶר אֶת־יְתַד הָאֹהֶל וַתָּשֶׂם אֶת־הַמַּקֶּבֶת 21
בְּיָדָהּ וַתָּבוֹא אֵלָיו בַּלָּאט וַתִּתְקַע אֶת־הַיָּתֵד בְּרַקָּתוֹ
וַתִּצְנַח בָּאָרֶץ וְהוּא־נִרְדָּם וַיָּעַף וַיָּמֹת׃ וְהִנֵּה בָרָק רֹדֵף 22
אֶת־סִיסְרָא וַתֵּצֵא יָעֵל לִקְרָאתוֹ וַתֹּאמֶר לוֹ לֵךְ וְאַרְאֶךָּ
אֶת־הָאִישׁ אֲשֶׁר־אַתָּה מְבַקֵּשׁ וַיָּבֹא אֵלֶיהָ וְהִנֵּה סִיסְרָא
נֹפֵל מֵת וְהַיָּתֵד בְּרַקָּתוֹ׃ וַיַּכְנַע אֱלֹהִים בַּיּוֹם הַהוּא אֵת 23
יָבִין מֶלֶךְ־כְּנָעַן לִפְנֵי בְּנֵי יִשְׂרָאֵל׃ וַתֵּלֶךְ יַד בְּנֵי־יִשְׂרָאֵל 24
הָלוֹךְ וְקָשָׁה עַל יָבִין מֶלֶךְ־כְּנָעַן עַד אֲשֶׁר הִכְרִיתוּ אֵת
יָבִין מֶלֶךְ־כְּנָעַן׃

ה

ה

וַתָּשַׁר דְּבוֹרָה וּבָרָק בֶּן־אֲבִינֹעַם בַּיּוֹם הַהוּא א
לֵאמֹר׃ בִּפְרֹעַ פְּרָעוֹת בְּיִשְׂרָאֵל בְּהִתְנַדֵּב 2

פָאלְק וָואס אִיז מִיט אִיהְם גֶעוֶועזֶען אוֹיס חֲרוֹשֶׁת הַגּוֹיִם צוּ דֶעם טַייךְ קִישׁוֹן׃ 14 אוּנְד דְבוֹרָה הָאט גֶעזָאגְט צוּ בָּרָק, שְׁטֵייא אוֹיף, וָוארִין דָאס אִיז דֶער טָאג וָואס גָאט וֶועט דֶעם סִיסְרָא אִין דֵיינֶע הַאנְד גֶעבֶּען, אִיז דֶען נִיט יְהוָֹה פַאר דִיר אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען? אַזוֹי הָאט בָּרָק אַרוּפּ־גֶענִידֶערְט פוּן דֶעם בַּארְג תָּבוֹר אוּנְד צֶעהְן טוֹיזֶענְד מַאן הִינְטֶער אִיהְם׃ 15 אוּנְד גָאט הָאט פֶּערְטוּמֶעלְט דֶעם סִיסְרָא, אוּנְד אַלֶע רַייטְוֶועגֶען, אוּנְד דִיא גַאנְצֶע מַחֲנֶה מִיט דִיא שַׁארְף פוּן דֶעם שְׁוֶוערְד פַאר בָּרָק, אוּנְד סִיסְרָא אִיז אַרוּפְּגֶעגַאנְגֶען פוּן דֶעם רַייטְוָואגֶען אוּנְד עֶר אִיז צוּ פוּס אַנְטְלָאפֶען׃ 16 אָבֶּער בָּרָק הָאט נָאכְגֶעיָאגְט דִיא רַייטְוֶועגֶען אוּנְד נָאךְ דֶער מַחֲנֶה בִּיז קֵיין חֲרוֹשֶׁת הַגּוֹיִם, אַזוֹי אִיז דִיא גַאנְצֶע מַחֲנֶה פוּן סִיסְרָא גֶעפַאלֶען דוּרְךְ דִיא שַׁארְף פוּן דֶעם שְׁוֶוערְד, עֶס אִיז נִיט אֵיינֶער אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּען׃ 17 אוּנְד סִיסְרָא אִיז צוּ פוּס אַנְטְלָאפֶען צוּ דֶעם גֶעצֶעלְט פוּן יָעֵל, דָאס ווַייבּ פוּן חֶבֶר דֶעם קֵינִי, וָוארִין עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען שָׁלוֹם צְווִישֶׁען יָבִין קֶענִיג פוּן חָצוֹר אוּנְד צְווִישֶׁען דֶעם הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן חֶבֶר דֶעם קֵינִי׃ 18 אוּנְד יָעֵל אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען עֶנְטְקֶעגֶען סִיסְרָא, אוּנְד זִיא הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, קֶעהְר אֵיין, מֵיין הַאר, קֶעהְר אֵיין צוּ מִיר, הָאבּ נִיט קֵיין מוֹרָא! אַזוֹי הָאט עֶר צוּ אִיהְר אֵיינְגֶעקֶעהְרְט אִין אִיהְר גֶעצֶעלְט, אוּנְד זִיא הָאט אִיהְם צוּגֶעדֶעקְט מִיט אַ מַאנְטֶעל׃ 19 אוּנְד עֶר הָאט צוּ אִיהְר גֶעזָאגְט, אִיךְ בֶּעט דִיךְ, גִיבּ מִיר אַ בִּיסֶעל וַואסֶער צוּ טְרִינְקֶען, וָוארִין אִיךְ בִּין דָארְשְׁטִיג; אַזוֹי הָאט זִיא אוֹיפְגֶעמַאכְט דָאס לֶעגֶעל מִיט מִילְךְ אוּנְד זִיא הָאט אִיהְם גֶעגֶעבֶּען צוּ טְרִינְקֶען, אוּנְד זִיא הָאט אִיהְם (ווִידֶער) צוּגֶעדֶעקְט׃ 20 אוּנְד עֶר הָאט צוּ אִיהְר גֶעזָאגְט, שְׁטֶעל דִיךְ בֵּייא דֶער טְהִיר פוּן דֶעם גֶעצֶעלְט, אוּנְד עֶס וֶועט זַיין וֶוען אִימֶעצֶער וֶועט קוּמֶען אוּנְד וֶועט דִיךְ פְרֶעגֶען אוּנְד זָאגֶען, אִיז אַ מַאן דָא? אַזוֹי זָאלְסְט דוּא זָאגֶען, נֵיין׃ 21 אוּנְד יָעֵל, דָאס ווַייבּ פוּן חֶבֶר הָאט גֶענוּמֶען אַ נָאגֶעל פוּן דֶעם גֶעצֶעלְט, אוּנְד דֶעם הַאמֶער אִין דִיא הַאנְד, אוּנְד זִיא אִיז צוּ אִיהְם גֶעקוּמֶען שְׁטִילֶערְהֵייט אוּנְד זִיא הָאט אַרֵיינְגֶעשְׁלָאגֶען דֶעם נָאגֶעל אִין זַיינֶע שְׁלֵייף דוּרְךְ אוּנְד דוּרְךְ בִּיז צוּ דֶער עֶרְד, וֶוען עֶר הָאט גֶעשְׁלָאפֶען אוּנְד אִיז גֶעוֶועזֶען מִיד, אוּנְד עֶר אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען׃ 22 אוּנְד זֶעה, בָּרָק הָאט נָאכְגֶעיָאגְט דֶעם סִיסְרָא, אַזוֹי אִיז יָעֵל אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען אִיהְם עֶנְטְקֶעגֶען, אוּנְד זִיא הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, קוּם, אוּנְד אִיךְ וֶועל דִיר ווַייזֶען דֶעם מַאן וָואס דוּא זוּכְסְט, אוּנְד עֶר אִיז צוּ אִיהְר אַרֵיינְגֶעקוּמֶען, אוּנְד זֶעה, סִיסְרָא אִיז אַנִידֶערְגֶעפַאלֶען טוֹיט, אוּנְד אַ נָאגֶעל אִיז גֶעוֶועזֶען אִין זַיינֶע שְׁלֵייף׃ 23 אוּנְד גָאט הָאט אַן דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען טָאג אוּנְטֶערְטֶענִיג גֶעמַאכְט דֶעם יָבִין מֶלֶךְ פוּן כְּנַעַן פָאר דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל׃ 24 אוּנְד דִיא הַאנְד פוּן דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל אִיז אִיטְלִיכֶעס מָאל שְׁטַארְקֶער גֶעוָוארֶען קֶעגֶען יָבִין קֶענִיג פוּן כְּנַעַן, בִּיז זֵייא הָאבֶּען פֶערְטִילְגְט דֶעם יָבִין קֶענִיג פוּן כְּנַעַן׃

## קאפיטעל ה

1 אַזוֹ הָאבֶּען דְבוֹרָה אוּנְד בָּרָק זוּהְן פוּן אֲבִינוֹעַם אִין דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען טָאג גֶעזוּנְגֶען—אַזוֹי צוּ זָאגֶען׃ 2 וֶוען מֶען הָאט אַ בְּרֶעכֶענִים גֶעטְהוּן אִין יִשְׂרָאֵל, הָאט זִיךְ דָאס פָאלְק בֶּעווִילִיגְט,

3 עָם בָּרְכוּ יְהוָה׃ שִׁמְעוּ מְלָכִים הַאֲזִינוּ
רֹזְנִים אָנֹכִי לַיהוָה אָנֹכִי אָשִׁירָה אֲזַמֵּר
4 לַיהוָה אֱלֹהֵי יִשְׂרָאֵל׃ יְהוָה בְּצֵאתְךָ
מִשֵּׂעִיר בְּצַעְדְּךָ מִשְּׂדֵה אֱדוֹם אֶרֶץ
רָעָשָׁה גַּם־שָׁמַיִם נָטָפוּ גַּם־עָבִים נָטְפוּ
ה מָיִם׃ הָרִים נָזְלוּ מִפְּנֵי יְהוָה זֶה
6 סִינַי מִפְּנֵי יְהוָה אֱלֹהֵי יִשְׂרָאֵל׃ בִּימֵי שַׁמְגַּר בֶּן
עֲנָת בִּימֵי יָעֵל חָדְלוּ אֳרָחוֹת וְהֹלְכֵי
7 נְתִיבוֹת יֵלְכוּ אֳרָחוֹת עֲקַלְקַלּוֹת׃ חָדְלוּ פְרָזוֹן בְּיִשְׂרָאֵל
חָדֵלּוּ עַד שַׁקַּמְתִּי דְּבוֹרָה שַׁקַּמְתִּי
8 אֵם בְּיִשְׂרָאֵל׃ יִבְחַר אֱלֹהִים
חֲדָשִׁים אָז לָחֶם שְׁעָרִים מָגֵן
אִם־יֵרָאֶה וָרֹמַח בְּאַרְבָּעִים אֶלֶף
9 בְּיִשְׂרָאֵל׃ לִבִּי לְחוֹקְקֵי יִשְׂרָאֵל הַמִּתְנַדְּבִים
' בָּעָם בָּרְכוּ יְהוָה׃ רֹכְבֵי אֲתֹנוֹת
צְחֹרוֹת יֹשְׁבֵי עַל־מִדִּין וְהֹלְכֵי
11 עַל־דֶּרֶךְ שִׂיחוּ׃ מִקּוֹל מְחַצְצִים בֵּין
מַשְׁאַבִּים שָׁם יְתַנּוּ צִדְקוֹת יְהוָה צִדְקֹת
פִּרְזוֹנוֹ בְּיִשְׂרָאֵל אָז יָרְדוּ לַשְּׁעָרִים עַם־
12 יְהוָה׃ עוּרִי עוּרִי דְּבוֹרָה עוּרִי
עוּרִי דַּבְּרִי־שִׁיר קוּם בָּרָק וּשְׁבֵה שֶׁבְיְךָ בֶּן
13 אֲבִינֹעַם׃ אָז יְרַד שָׂרִיד לְאַדִּירִים עָם יְהוָה
14 יְרַד־לִי בַּגִּבּוֹרִים׃ מִנִּי אֶפְרַיִם שָׁרְשָׁם
בַּעֲמָלֵק אַחֲרֶיךָ בִנְיָמִין בַּעֲמָמֶיךָ מִנִּי
מָכִיר יָרְדוּ מְחֹקְקִים וּמִזְּבוּלֻן מֹשְׁכִים בְּשֵׁבֶט
טו סֹפֵר׃ וְשָׂרַי בְּיִשָּׂשכָר עִם־דְּבֹרָה וְיִשָּׂשכָר
כֵּן בָּרָק בָּעֵמֶק שֻׁלַּח

אוּנְד זֵייא לוֹיבְּט גָאט׃ 3 הֶערְט עֶס, אָ איהְר קֶענִיגֶע, פֶערְנֶעמְט עֶס, איהְר רַאטְהַארֶען, אִיךְ, יָא אִיךְ וֶועל זִינְגֶען צוּ גָאט — אִיךְ וֶועל זִינְגֶען צוּ יְהוָֹה דֶעם גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל׃ 4 אָ יְהוָֹה, אִין דֵיין אַרוֹיסְגֵיין פוּן שֵׂעִיר, אִין דֵיין אוֹיפְטְרֶעטֶען פוּן דֶעם פֶעלְד אֱדוֹם אַזוֹי הָאט דִיא עֶרְד גֶעצִיטֶערְט, אוֹיךְ דִיא הִימֶעל הָאבֶּען גֶעטְרִיפְט (טַל); אוֹיךְ דִיא וָואלְקֶען הָאבֶּען גֶעטְרִיפְט וַואסֶער׃ 5 דִיא בֶּערְג זֶענֶען צוּרִינֶען גֶעוָוארֶען פָאר גָאט, יָא, דֶער דָאזִיגֶער (בַּארְג) סִינַי פוּן פָאר יְהוָֹה, דֶעם גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל׃ 6 אִין דִיא טֶעג פוּן שַׁמְגַּר, זוּהְן פוּן עֲנָת, — אִין דִיא טֶעג פוּן יָעֵל — הָאבֶּען זִיךְ דִיא שְׁטֶעגֶען פֶערְמִיטֶען, אוּנְד דִיא וָואס זֶענֶען גֶעגַאנְגֶען אוֹיף דִיא שְׁטֶעגֶען, הָאבֶּען אַרוּמְגֶעוַואנְדֶערְט אוֹיף קְרִימֶע וֶועגֶען׃ 7 דִיא אָפֶענֶע שְׁטֶעט הָאבֶּען גַאנְץ אוֹיפְגֶעהֶערְט אִין יִשְׂרָאֵל — בִּיז אִיךְ דְבוֹרָה בִּין אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען, אִיךְ בִּין אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען צוּ זֵיין אַ מוּטֶער אִין יִשְׂרָאֵל׃ 8 זֵייא הָאבֶּען זִיךְ אוֹיסְדֶערְוֵוילְט נֵייעָ אָפְגֶעטֶער — דֶענְסְטְמָאל אִיז גֶעוֶועזֶען מִלְחָמָה אִין דִיא טוֹיעֶרְן, אִיז דֶען גֶעזֶעהֶען גֶעוָוארֶען אַ פַּאנְצֶער אָדֶער אַ שְׁפִּיז אוּנְטֶער פִירְצִיג טוֹיזֶענְד אִין יִשְׂרָאֵל? 9 מֵיין הַארְץ גֶעהֶער צוּ דִיא קְרִיצְלֶערְס (גֶעזֶעץ גֶעבֶּערְס) פוּן יִשְׂרָאֵל, וָואס הָאבֶּען זִיךְ פְרֵייוִוילִיג גֶעמַאכְט אוּנְטֶער דֶעם פָאלְק, לוֹיבְּט גָאט׃ 10 אִיהְר וָואס רֵייטֶעט אוֹיף וֵוייסֶע אֵייזֶעל, אִיהְר וָואס וְואוֹינְט בַּייא מִדִּין; אוּנְד אִיהְר וָואס גֵייט אוֹיף דֶעם וֶועג, — דֶענְקְט דַארִיבֶּער נָאךְ׃ 11 פוּן וֶועגֶען דֶעם קוֹל פוּן דִיא שִׁיסֶערְס צְוִוישֶׁען דִיא וַואסֶער שֶׁעפֶּערְס, דָארְט זָאלֶען זֵייא דֶערְצֵיילֶען דִיא גֶערֶעכְטִיגְקֵייטֶען פוּן גָאט, דִיא גֶערֶעכְטִיגְקֵייטֶען פוּן זֵיירֶע פְרֵייעָ שְׁטֶעט אִין יִשְׂרָאֵל, דֶענְסְטְמָאל וֶועלֶען דָאס פָאלְק פוּן גָאט אַרוּפְגֵיין צוּ דִיא טוֹיעֶרְן׃ 12 דֶערְוֶועק דִיךְ, דֶערְוֶועק דִיךְ דְבוֹרָה! דֶערְוֶועק דִיךְ, דֶערְוֶועק דִיךְ, רֶעד (אָדֶער זִינְג) אַ לִיד! שְׁטֵייא אוֹיף בָּרָק אוּנְד פִיהְר דֵיינֶע גֶעפַאנְגֶענֶע דוּא זוּהְן פוּן אֲבִינוֹעַם׃ 13 דֶענְסְטְמָאל הָאט עֶר גֶעמַאכְט אַרוּנְטֶערְגֵיין דִיא אִיבֶּערְבְּלֵייבּוּנְג אוּנְטֶער דִיא מֶעכְטִיגֶע פוּן דֶעם פָאלְק, יְהוָֹה אִיז צוּ מִיר אַרוּנְטֶערְגֶעקוּמֶען אוּנְטֶער דִיא שְׁטַארְקֶע׃ 14 פוּן אֶפְרַיִם אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען זֵיירֶע וְואוּרְצֶעל אִין עֲמָלֵק, הִינְטֶער דִיר בִּנְיָמִין מִיט דֵיינֶע פֶעלְקֶער, פוּן מָכִיר זֶענֶען אַרוּנְטֶערְגֶעקוּמֶען דִיא גֶעזֶעצְגֶעבֶּער, אוּנְד פוּן זְבוּלוּן דִיא וָואס שְׁרֵייבֶּען מִיט דִיא פֶעדֶער׃ 15 אוּנְד דִיא פִירְשְׁטֶען פוּן יִשָּׂשכָר זֶענֶען גֶעוֶועזֶען מִיט דְבֹרָה, אוּנְד (דִיא אִיבְּרִיגֶע פוּן) יִשָּׂשכָר זֶענֶען אוֹיךְ אַזוֹי גֶעוֶועזֶען מִיט בָּרָק, אִין דֶעם טְהָאל אִיז עֶר צוּ פוּס גֶעשִׁיקְט גֶעוָוארֶען,

בייא

בְּרַגְלָיו בִּפְלַגּוֹת רְאוּבֵן גְּדֹלִים
חִקְקֵי־לֵב: 16 לָמָּה יָשַׁבְתָּ בֵּין
הַמִּשְׁפְּתַיִם לִשְׁמֹעַ שְׁרִקוֹת עֲדָרִים לִפְלַגּוֹת
רְאוּבֵן גְּדוֹלִים חִקְרֵי־לֵב: 17 גִּלְעָד בְּעֵבֶר הַיַּרְדֵּן
שָׁכֵן וְדָן לָמָּה יָגוּר אֳנִיּוֹת אָשֵׁר
יָשַׁב לְחוֹף יַמִּים וְעַל־מִפְרָצָיו
יִשְׁכּוֹן: 18 זְבֻלוּן עַם חֵרֵף נַפְשׁוֹ לָמוּת וְנַפְתָּלִי
עַל מְרוֹמֵי שָׂדֶה: 19 בָּאוּ מְלָכִים
נִלְחָמוּ אָז נִלְחֲמוּ מַלְכֵי כְנַעַן בְּתַעְנַךְ
עַל־מֵי מְגִדּוֹ בֶּצַע כֶּסֶף לֹא
לָקָחוּ: כ מִן־שָׁמַיִם נִלְחָמוּ הַכּוֹכָבִים
מִמְּסִלּוֹתָם נִלְחֲמוּ עִם סִיסְרָא: 21 נַחַל קִישׁוֹן
גְּרָפָם נַחַל קְדוּמִים נַחַל קִישׁוֹן תִּדְרְכִי
נַפְשִׁי עֹז: 22 אָז הָלְמוּ עִקְּבֵי־
סוּס מִדַּהֲרוֹת דַּהֲרוֹת אַבִּירָיו: 23 אוֹרוּ
מֵרוֹז אָמַר מַלְאַךְ יְהוָֹה אֹרוּ אָרוֹר
יֹשְׁבֶיהָ כִּי לֹא־בָאוּ לְעֶזְרַת יְהוָֹה לְעֶזְרַת
יְהוָֹה בַּגִּבּוֹרִים: 24 תְּבֹרַךְ מִנָּשִׁים
יָעֵל אֵשֶׁת חֶבֶר הַקֵּינִי מִנָּשִׁים
בָּאֹהֶל תְּבֹרָךְ: כה מַיִם שָׁאַל חָלָב
נָתָנָה בְּסֵפֶל אַדִּירִים הִקְרִיבָה חֶמְאָה: 26 יָדָהּ
לַיָּתֵד תִּשְׁלַחְנָה וִימִינָהּ לְהַלְמוּת
עֲמֵלִים וְהָלְמָה סִיסְרָא מָחֲקָה רֹאשׁוֹ וּמָחֲצָה
וְחָלְפָה רַקָּתוֹ: 27 בֵּין רַגְלֶיהָ כָּרַע נָפַל
שָׁכָב בֵּין רַגְלֶיהָ כָּרַע נָפָל בַּאֲשֶׁר
כָּרַע שָׁם נָפַל שָׁדוּד: 28 בְּעַד הַחַלּוֹן נִשְׁקְפָה
וַתְּיַבֵּב אֵם סִיסְרָא בְּעַד הָאֶשְׁנָב מַדּוּעַ

ביי דיא טייכען פון ראובן זענען גע־
וועזען גרויסע הערצענס בעראטונגען:
16 פארוואס ביזט דוא געבליבען צווישען
סטאדעס? אום צו הערען דאס געשרייא
פון דיא סטאדעס, ביי דיא צערטיילונג
פון ראובן זענען געוועזען גרויסע
הערצענס בעראטונגען: 17 גלעד האט
גערוהט אויף יענער זייט ירדן, אבער
דן — פארוואס האט ער געוואוינט
אין שיפען? אשר איז געבליבען ביי
דעם בארטען פון ימים, אונד ער
האט געוואוינט אין זיינע אויסגע־
בראכענע שטעט: 18 זבלון אונד
נפתלי זענען א פאלק וואס האבען
געוואגט (איינגעשטעלט) זייער לעבען
צו דעם טויט אויף דעם הויכען
שלאכט־פעלד: 19 דיא מלכים זענען
געקומען אונד האבען מלחמה געהאל־
טען, דענסטמאל האבען דיא מלכים פון
כנען מיט זייא מלחמה געהאלטען —
אין תענך ביי דעם וואסער פון
מגדו, זייא האבען ניט קיין געלד דערפאר גענומען: 20 פום הימעל האט
מען מיט זייא מלחמה געהאלטען, דיא שטערען פון זיינע שטעגען האבען
מלחמה געהאלטען מיט סיסרא: 21 דער טייך קישון האט זייא דערטרונקען,
דער טייך קדומים איז דער טייך קישון, א מיינע זעלע, דוא האסט צוטרעטען
שטארקע: 22 דענסטמאל זענען דיא קלוען פון דיא פערד צוקלאפט גע־
ווארען, וועגען דעם שפרינגען, דעם שפרינגען פון זיינע שטארקע (רייטער):
23 שילט מרוז, — זאגט דער מלאך יהוה — פערשאלטען זאלען זיין איהרע
איינוואוינער וייל זייא זענען ניט געקומען צו דער הילף פון יהוה, צו
דער הילף פון יהוה קעגען דיא שטארקע: 24 געבענשט אונטער דיא
ווייבער איז יעל, דאס ווייב פון חבר הקני, זיא זאל זיין מעהר געבענשט
וויא דיא ווייבער אין דעם געצעלט: 25 ער האט געבעטען וואסער —
אבער זיא האט איהם געגעבען מילך, זיא האט צו איהם נאהענט געבראכט
פוטער אין א הערליכען טעלער: 26 זיא האט אויסגעשטרעקט איהרע
האנד צו א נאגעל, אונד איהרע רעכטע האנד צו איין ארבייטערס האמער,
אונד מיט דעם האמער האט זיא דעם סיסרא דעם קאפ צוקלאפט, אונד
געשפאלטען אונד דורכגעשטאכען זיין שליף: 27 צווישען איהרע פיס
האט ער געקניעט אונד איז געפאלען, ער האט זיך געלייגט — צווישען
איהרע פיס האט ער געקניעט אונד איז געפאלען — אזוי וויא ער האט געקניעט,
דארט איז דער רויבער טויט אנידערגעפאלען: 28 סיסרא'ס מוטער האט ארויסגע־
קוקט דורך דעם פענסטער, אונד זיא האט געשריען — דורך דעם קליינעם פענסטער,

בֹּשֵׁשׁ רִכְבּוֹ לָבוֹא מַדּוּעַ אֶחֱרוּ פַּעֲמֵי
29 מַרְכְּבוֹתָיו: חַכְמוֹת שָׂרוֹתֶיהָ תַּעֲנֶינָּה אַף־
ל הִיא תָּשִׁיב אֲמָרֶיהָ לָהּ: הֲלֹא יִמְצְאוּ יְחַלְּקוּ
שָׁלָל רַחַם רַחֲמָתַיִם לְרֹאשׁ גֶּבֶר שְׁלַל
צְבָעִים לְסִיסְרָא שְׁלַל צְבָעִים
31 רִקְמָה צֶבַע רִקְמָתַיִם לְצַוְּארֵי שָׁלָל: כֵּן
יֹאבְדוּ כָל־אוֹיְבֶיךָ יְהוָה וְאֹהֲבָיו כְּצֵאת הַשֶּׁמֶשׁ
בִּגְבֻרָתוֹ וַתִּשְׁקֹט הָאָרֶץ אַרְבָּעִים שָׁנָה:

ו

א וַיַּעֲשׂוּ בְנֵי־יִשְׂרָאֵל הָרַע בְּעֵינֵי יְהוָה וַיִּתְּנֵם יְהוָה בְּיַד־
2 מִדְיָן שֶׁבַע שָׁנִים: וַתָּעָז יַד־מִדְיָן עַל־יִשְׂרָאֵל מִפְּנֵי מִדְיָן
עָשׂוּ לָהֶם ׀ בְּנֵי יִשְׂרָאֵל אֶת־הַמִּנְהָרוֹת אֲשֶׁר בֶּהָרִים
3 וְאֶת־הַמְּעָרוֹת וְאֶת־הַמְּצָדוֹת: וְהָיָה אִם־זָרַע יִשְׂרָאֵל
4 וְעָלָה מִדְיָן וַעֲמָלֵק וּבְנֵי־קֶדֶם וְעָלוּ עָלָיו: וַיַּחֲנוּ עֲלֵיהֶם
וַיַּשְׁחִיתוּ אֶת־יְבוּל הָאָרֶץ עַד־בּוֹאֲךָ עַזָּה וְלֹא־יַשְׁאִירוּ
ה מִחְיָה בְּיִשְׂרָאֵל וְשֶׂה וָשׁוֹר וַחֲמוֹר: כִּי הֵם וּמִקְנֵיהֶם
יַעֲלוּ וְאָהֳלֵיהֶם יָבֹאוּ כְדֵי־אַרְבֶּה לָרֹב וְלָהֶם וְלִגְמַלֵּיהֶם
6 אֵין מִסְפָּר וַיָּבֹאוּ בָאָרֶץ לְשַׁחֲתָהּ: וַיִּדַּל יִשְׂרָאֵל מְאֹד
7 מִפְּנֵי מִדְיָן וַיִּזְעֲקוּ בְנֵי־יִשְׂרָאֵל אֶל־יְהוָה: וַיְהִי כִּי־
8 זָעֲקוּ בְנֵי־יִשְׂרָאֵל אֶל־יְהוָה עַל אֹדוֹת מִדְיָן: וַיִּשְׁלַח יְהוָה
אִישׁ נָבִיא אֶל־בְּנֵי יִשְׂרָאֵל וַיֹּאמֶר לָהֶם כֹּה־אָמַר יְהוָה ׀
אֱלֹהֵי יִשְׂרָאֵל אָנֹכִי הֶעֱלֵיתִי אֶתְכֶם מִמִּצְרַיִם וָאֹצִיא
9 אֶתְכֶם מִבֵּית עֲבָדִים: וָאַצִּל אֶתְכֶם מִיַּד מִצְרַיִם וּמִיַּד
כָּל־לֹחֲצֵיכֶם וָאֲגָרֵשׁ אוֹתָם מִפְּנֵיכֶם וָאֶתְּנָה לָכֶם אֶת־
י אַרְצָם: וָאֹמְרָה לָכֶם אֲנִי יְהוָה אֱלֹהֵיכֶם לֹא תִירְאוּ אֶת־
אֱלֹהֵי הָאֱמֹרִי אֲשֶׁר אַתֶּם יוֹשְׁבִים בְּאַרְצָם וְלֹא שְׁמַעְתֶּם
11 בְּקוֹלִי: וַיָּבֹא מַלְאַךְ יְהוָה וַיֵּשֶׁב תַּחַת הָאֵלָה אֲשֶׁר

פאַרוואָס זוימט זיך זיין רייטוואָגען צו קומען? פאַרוואָס זוימען זיך אַזוי לאַנג דיא רעדער פון זיין רייטוואָגען? 29 דיא קלוגע עדעלע פרויען האָבען איהר געענטפערט,—יאָ, זיא אַליין האָט זיך געענטפערט, אונד צו זיך געזאָגט: 30 האָבען זייא ניט געפונען? האָבען זייא זיך ניט אויסגעטיילט רויב? צו איטליכען מאַן א מעדעל אָדער צוויא, א זאַקרויב פון געפאַרבטע קליידער צו סיסרא, א זאַקרויב פון געפאַרבטע קליידער געוועבט, וואָס זענען געפאַרבט אויף ביידע זייטען וואָס פאַסט צו דיא העלזער פון דיא וואָס נעמען דעם רויב: 31 אַזוי זאָלען פערלוירען ווערען אַלע דיינע פיינדע, אָ יהוה! אונד דיינע ליבהאָבער וועלען זיין וויא דיא זון וואָס גייט אַרויס אין זיינע שטאַרקהייט; אונד דאָס לאַנד האָט געהאַט רוה פירציג יאָהר:

## קאפיטעל ו

1 אונד דיא קינדער ישראל האָבען געטהון שלעכטעס אין דיא אויגען פון גאָט, אונד גאָט האָט זייא איבערגעגעבען אין דיא האַנד פון מדין זיבען יאָהר: 2 אונד דיא האַנד פון מדין האָט זיך געשטאַרקט איבער ישראל, אונד וועגען דעם וואָס מדין האָט צו זייא געטהון, האָבען זיך דיא קינדער ישראל געמאַכט היילען אין דיא בערג, אונד היילען אין פעסטונגען: 3 אונד עס איז געוועזען ווען ישראל האָט געזייעט, אַזוי זענען דיא מדינים אַרויפגעגאַנגען, אונד עמלק אונד דיא קינדער פון מזרח־זייט זענען קעגען זייא אַרויפגעגאַנגען: 4 אונד זייא האָבען זיך קעגען זייא געלאַגערט, אונד זייא האָבען פערדאָרבען דיא תבואה פון דעם לאַנד, ביז מען קומט קיין עזה, אונד זייא האָבען ניט איבערגעלאָזט פאַר ישראל קיין דערנערונג, קיין לאַם, קיין אָקס אונד קיין אייזעל: 5 וואָרין זייא זענען אַרויפגעקומען מיט זייערע בהמות אונד זייערע געצעלטען, אַזוי פיל וויא דיא היישרעקען, אונד עס איז צו זייא אונד זייערע קעמעל ניט געוועזען קיינע צאָל, אונד זייא זענען אַריינגעקומען אין דעם לאַנד עס צו פערדאַרבען: 6 אונד ישראל איז זעהר פעראָרעמט געוואָרען וועגען מדין, אונד דיא קינדער ישראל האָבען געשריען צו גאָט: 7 אונד עס איז געוועזען, ווען דיא קינדער ישראל האָבען געשריען צו גאָט וועגען מדין: 8 אַזוי האָט גאָט געשיקט א נביא צו דיא קינדער ישראל, אונד ער האָט צו זייא געזאָגט, אַזוי זאָגט יהוה דער גאָט פון ישראל, איך האָב אייך אַרויפגעבראַכט אויס מצרים, אונד איך האָב אייך אַרויסגעצויגען פון דעם הויז פון קנעכט: 9 אונד איך האָב אייך מציל געוועזען פון דער האַנד פון מצרים, אונד פון דער האַנד פון אַלע אייערע בעצווינגער, אונד איך האָב זייא פערטריבען פאַר אייך, אונד איך האָב צו אייך געגעבען זייער לאַנד: 10 אונד איך האָב צו אייך געזאָגט, איך בין יהוה אייער גאָט איהר זאָלט קיין מורא האָבען פאַר דיא געטער פון אמרי, וואָס איהר וואוינט אין זייער לאַנד, אָבער איהר האָט ניט געהאָרכט צו מיין קול: 11 אונד דער מלאך פון יהוה איז געקומען אונד ער האָט זיך געזעצט אונטער דעם לינדען־בוים וואָס איז

בְּעָפְרָה אֲשֶׁר לְיוֹאָשׁ אֲבִי הָעֶזְרִי וְגִדְעוֹן בְּנוֹ חֹבֵט חִטִּים
12 בַּגַּת לְהָנִיס מִפְּנֵי מִדְיָן׃ וַיֵּרָא אֵלָיו מַלְאַךְ יְהוָה וַיֹּאמֶר
13 אֵלָיו יְהוָה עִמְּךָ גִּבּוֹר הֶחָיִל׃ וַיֹּאמֶר אֵלָיו גִּדְעוֹן בִּי
אֲדֹנִי וְיֵשׁ יְהוָה עִמָּנוּ וְלָמָּה מְצָאַתְנוּ כָּל־זֹאת וְאַיֵּה
כָל־נִפְלְאֹתָיו אֲשֶׁר סִפְּרוּ־לָנוּ אֲבוֹתֵינוּ לֵאמֹר הֲלֹא
מִמִּצְרַיִם הֶעֱלָנוּ יְהוָה וְעַתָּה נְטָשָׁנוּ יְהוָה וַיִּתְּנֵנוּ בְּכַף
14 מִדְיָן׃ וַיִּפֶן אֵלָיו יְהוָה וַיֹּאמֶר לֵךְ בְּכֹחֲךָ זֶה וְהוֹשַׁעְתָּ
טו אֶת־יִשְׂרָאֵל מִכַּף מִדְיָן הֲלֹא שְׁלַחְתִּיךָ׃ וַיֹּאמֶר אֵלָיו בִּי
אֲדֹנָי בַּמָּה אוֹשִׁיעַ אֶת־יִשְׂרָאֵל הִנֵּה אַלְפִּי הַדַּל בִּמְנַשֶּׁה
16 וְאָנֹכִי הַצָּעִיר בְּבֵית אָבִי׃ וַיֹּאמֶר אֵלָיו יְהוָה כִּי אֶהְיֶה
17 עִמָּךְ וְהִכִּיתָ אֶת־מִדְיָן כְּאִישׁ אֶחָד׃ וַיֹּאמֶר אֵלָיו אִם־נָא
מָצָאתִי חֵן בְּעֵינֶיךָ וְעָשִׂיתָ לִּי אוֹת שָׁאַתָּה מְדַבֵּר עִמִּי׃
18 אַל־נָא תָמֻשׁ מִזֶּה עַד־בֹּאִי אֵלֶיךָ וְהֹצֵאתִי אֶת־מִנְחָתִי
19 וְהִנַּחְתִּי לְפָנֶיךָ וַיֹּאמַר אָנֹכִי אֵשֵׁב עַד שׁוּבֶךָ׃ וְגִדְעוֹן בָּא
וַיַּעַשׂ גְּדִי־עִזִּים וְאֵיפַת־קֶמַח מַצּוֹת הַבָּשָׂר שָׂם בַּסַּל
וְהַמָּרַק שָׂם בַּפָּרוּר וַיּוֹצֵא אֵלָיו אֶל־תַּחַת הָאֵלָה וַיַּגַּשׁ׃
כ וַיֹּאמֶר אֵלָיו מַלְאַךְ הָאֱלֹהִים קַח אֶת־הַבָּשָׂר וְאֶת־הַמַּצּוֹת
21 וְהַנַּח אֶל־הַסֶּלַע הַלָּז וְאֶת־הַמָּרַק שְׁפוֹךְ וַיַּעַשׂ כֵּן׃ וַיִּשְׁלַח
מַלְאַךְ יְהוָה אֶת־קְצֵה הַמִּשְׁעֶנֶת אֲשֶׁר בְּיָדוֹ וַיִּגַּע בַּבָּשָׂר
וּבַמַּצּוֹת וַתַּעַל הָאֵשׁ מִן־הַצּוּר וַתֹּאכַל אֶת־הַבָּשָׂר וְאֶת־
22 הַמַּצּוֹת וּמַלְאַךְ יְהוָה הָלַךְ מֵעֵינָיו׃ וַיַּרְא גִּדְעוֹן כִּי־מַלְאַךְ
יְהוָה הוּא וַיֹּאמֶר גִּדְעוֹן אֲהָהּ אֲדֹנָי יֱהוִה כִּי־עַל־כֵּן
23 רָאִיתִי מַלְאַךְ יְהוָה פָּנִים אֶל־פָּנִים׃ וַיֹּאמֶר לוֹ יְהוָה
24 שָׁלוֹם לְךָ אַל־תִּירָא לֹא תָּמוּת׃ וַיִּבֶן שָׁם גִּדְעוֹן מִזְבֵּחַ
לַיהוָה וַיִּקְרָא־לוֹ יְהוָה ׀ שָׁלוֹם עַד הַיּוֹם הַזֶּה עוֹדֶנּוּ
כה בְּעָפְרַת אֲבִי הָעֶזְרִי׃ וַיְהִי בַּלַּיְלָה הַהוּא וַיֹּאמֶר
לוֹ יְהוָה קַח אֶת־פַּר־הַשּׁוֹר אֲשֶׁר לְאָבִיךָ וּפַר הַשֵּׁנִי

אין עָפְרָה וָואס הָאט גֶעהערט צוּ יוֹאָשׁ פוּן אֲבִיעֶזֶר, אוּנד זיין זוּהן גִדְעוֹן הָאט אוֹיסגֶעקלַאפּט ווייץ בּייא דֶער קֶעלטֶער, אוּם צוּ אַנטלוֹיפֶען פָאר מִדְיָן׃ 12 אוּנד דֶער מַלְאַךְ פוּן יְהוָֹה הָאט זִיךְ צוּ אִיהם בֶּעווִיזֶען, אוּנד עֶר הָאט צוּ אִיהם גֶעזָאגְט, גָאט אִיז מִיט דִיר, דוּא שְׁטַארְקֶער הֶעלְד׃ 13 אַזוֹי הָאט גִדְעוֹן צוּ אִיהם גֶעזָאגְט, אִיךְ בֶּעט דִיךְ, מֵיין הַאר! וֶוען גָאט אִיז יוֹא מִיט אוּנְס, פַארְוָואס הָאט אוּנְס אַלֶעס דָאס דָאזִיגֶע גֶעטְרָאפֶען? אוּנד אַווְאוּ זֶענֶען אַלֶע זֵיינֶע וְואוּנְדֶער וָואס אוּנְזֶערֶע עֶלְטֶערְן הָאבֶּען אוּנְס דֶערְצֵיילְט, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, הָאט אוּנְס נִיט גָאט אַרוֹיפְגֶעבְּרַאכְט אוֹיס מִצְרַיִם? אוּנד אַצוּנְד הָאט אוּנְס גָאט פֶערְלָאזֶען, אוּנד עֶר הָאט אוּנְס אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען אִין דִיא הֶענְד פוּן מִדְיָן׃ 14 אוּנד גָאט הָאט זִיךְ צוּ אִיהם גֶעקֶעהְרְט, אוּנד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, גֵייא מִיט דֶעם דָאזִיגֶען דֵיין כֹּחַ, אוּנד דוּא זָאלְסְט הֶעלְפֶען יִשְׂרָאֵל אוֹיס דֶער הַאנְד פוּן מִדְיָן, הָאבּ אִיךְ דִיךְ נִיט גֶעשִׁיקְט? 15 אוּנד עֶר הָאט צוּ אִיהם גֶעזָאגְט, אִיךְ בֶּעט דִיךְ מֵיין הַאר, מִיט וָואס וֶועל אִיךְ יִשְׂרָאֵל הֶעלְפֶען? מֵיין טוֹיזֶענְד אִיז דָאס אָרֶעמְסְטֶע אִין מְנַשֶּׁה, אוּנד אִיךְ בִּין דֶער יוּנְגְסְטֶער אִין מֵיין פָּאטֶער'ס הוֹיז׃ 16 אַזוֹי הָאט גָאט צוּ אִיהם גֶעזָאגְט, אִיךְ וֶועל גֶעווִיס מִיט דִיר זַיין, אוּנד דוּא וֶועסְט מִדְיָן שְׁלָאגֶען אַזוֹי וִויא אֵיין מַאן׃ 17 אוּנד עֶר הָאט צוּ אִיהם גֶעזָאגְט, וֶוען אִיךְ הָאבּ גֶעפוּנֶען גְנָאד אִין דֵיינֶע אוֹיגֶען אַזוֹי זָאלְסְט דוּא צוּ מִיר טְהוּן אַ צֵייכֶען אַז דוּא (גָאט) רֶעדְסְט מִיט מִיר׃ 18 אִיךְ בֶּעט דִיךְ, גֵייא נִיט אַוֶועק פוּן דַאנֶען בִּיז אִיךְ וֶועל צוּ דִיר קוּמֶען אוּנד אַרוֹיסבְּרֶענְגֶען מֵיין מִנְחָה אוּנד וֶועל עֶס אַנִידֶערְלֵייגֶען פָאר דִיר; אוּנד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ וֶועל בְּלֵייבֶּען בִּיז דוּא וֶועסְט ווִידֶערְקוּמֶען׃ 19 אוּנד גִדְעוֹן אִיז גֶעקוּמֶען, אוּנד הָאט אָנְגֶעבְּרֵייט אַ יוּנג צִיגֶעלֶע, אוּנד פוּן אַ מָאס מֶעהְל הָאט עֶר גֶעמַאכְט מַצּוֹת, דָאס פְלֵייש הָאט עֶר אַרֵיינְגֶעטְהוּן אִין אַ קָארְבּ אוּנד דִיא זוּפּ הָאט עֶר גֶעטְהוּן אִין אַ טָאפּ, אוּנד עֶר הָאט עֶס אַרוֹיסְגֶעבְּרַאכְט צוּ אִיהם הִינְטֶער דֶעם לִינְדֶען־בּוֹים, אוּנד עֶר הָאט עֶס גֶענֶעהְנְט׃ 20 אַזוֹי הָאט דֶער מַלְאָךְ פוּן גָאט צוּ אִיהם גֶעזָאגְט, נֶעם דָאס פְלֵייש אוּנד דִיא מַצּוֹת אוּנד לֵייג עֶס אַהִין אוֹיף דֶעם דָאזִיגֶען פֶעלְזֶען־שְׁטֵיין, אוּנד דִיא זוּפּ גִיס אוֹיס, אוּנד עֶר הָאט אַזוֹי גֶעטְהוּן׃ 21 אוּנד דֶער מַלְאָךְ פוּן יְהוָֹה הָאט אוֹיסְגֶעשְׁטְרֶעקְט דָאס עֶק פוּן זֵיין שְׁטֶעקֶען וָואס אִיז גֶעוֶועזֶען אִין זֵיינֶע הַאנְד, אוּנד עֶר הָאט אָנְגֶערִירְט דָאס פְלֵייש אוּנד דִיא מַצּוֹת, אַזוֹי אִיז אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען דָאס פֵייעֶר פוּן דֶעם פֶעלְזֶען־שְׁטֵיין, אוּנד הָאט פֶערבְּרֶענְט דָאס פְלֵייש אוּנד דִיא מַצּוֹת, אוּנד דֶער מַלְאָךְ פוּן יְהוָֹה אִיז פַאר זֵיינֶע אוֹיגֶען אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען׃ 22 אוּנד וֶוען גִדְעוֹן הָאט גֶעזֶעהֶען אַז עֶר אִיז אַ מַלְאָךְ פוּן יְהוָֹה׃ הָאט גִדְעוֹן גֶעזָאגְט, אַךְ, אוֹי הַאר גָאט! וָוארִין ווייל אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען אַ מַלְאָךְ פוּן יְהוָֹה פָּנִים אֶל פָּנִים׃ 23 אוּנד גָאט הָאט צוּ אִיהם גֶעזָאגְט, עֶס וֶועט צוּ דִיר זֵיין שָׁלוֹם, הָאבּ קֵיין מוֹרָא דוּא וֶועסְט נִיט שְׁטַארְבֶּען׃ 24 אוּנד גִדְעוֹן הָאט דָארְט גֶעבּוֹיעֶט אַ מִזְבֵּחַ צוּ גָאט, אוּנד עֶר הָאט אִיהם גֶערוּפֶען יְהוָֹה שָׁלוֹם; בִּיז צוּ דֶעם הֵיינְטִיגֶען טָאג אִיז עֶר נָאךְ אִין עָפְרַת וָואס גֶעהֶערְט צוּ אֲבִי הָעֶזְרִי׃ 25 אוּנד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אִין דֶערזֶעלְבִּיגֶע נַאכְט אַזוֹי הָאט גָאט צוּ אִיהם גֶעזָאגְט, נֶעם דֵיין פָּאטֶער'ס יוּנְגֶען אָקְס, אוּנד דֶעם אַנְדֶערְן אָקְס

וואס

שֶׁבַע שָׁנִים וְהָרַסְתָּ אֶת־מִזְבַּח הַבַּעַל אֲשֶׁר לְאָבִיךָ וְאֶת־
26 הָאֲשֵׁרָה אֲשֶׁר־עָלָיו תִּכְרֹת׃ וּבָנִיתָ מִזְבֵּחַ לַיהוָה אֱלֹהֶיךָ
עַל רֹאשׁ הַמָּעוֹז הַזֶּה בַּמַּעֲרָכָה וְלָקַחְתָּ אֶת־הַפָּר הַשֵּׁנִי
27 וְהַעֲלִיתָ עוֹלָה בַּעֲצֵי הָאֲשֵׁרָה אֲשֶׁר תִּכְרֹת׃ וַיִּקַּח גִּדְעוֹן
עֲשָׂרָה אֲנָשִׁים מֵעֲבָדָיו וַיַּעַשׂ כַּאֲשֶׁר דִּבֶּר אֵלָיו יְהוָה
וַיְהִי כַּאֲשֶׁר יָרֵא אֶת־בֵּית אָבִיו וְאֶת־אַנְשֵׁי הָעִיר מֵעֲשׂוֹת
28 יוֹמָם וַיַּעַשׂ לָיְלָה׃ וַיַּשְׁכִּימוּ אַנְשֵׁי הָעִיר בַּבֹּקֶר וְהִנֵּה
נֻתַּץ מִזְבַּח הַבַּעַל וְהָאֲשֵׁרָה אֲשֶׁר־עָלָיו כֹּרָתָה וְאֵת הַפָּר
29 הַשֵּׁנִי הֹעֲלָה עַל־הַמִּזְבֵּחַ הַבָּנוּי׃ וַיֹּאמְרוּ אִישׁ אֶל־רֵעֵהוּ
מִי עָשָׂה הַדָּבָר הַזֶּה וַיִּדְרְשׁוּ וַיְבַקְשׁוּ וַיֹּאמְרוּ גִּדְעוֹן בֶּן
ל יוֹאָשׁ עָשָׂה הַדָּבָר הַזֶּה׃ וַיֹּאמְרוּ אַנְשֵׁי הָעִיר אֶל־יוֹאָשׁ
הוֹצֵא אֶת־בִּנְךָ וְיָמֹת כִּי נָתַץ אֶת־מִזְבַּח הַבַּעַל וְכִי כָרַת
31 הָאֲשֵׁרָה אֲשֶׁר־עָלָיו׃ וַיֹּאמֶר יוֹאָשׁ לְכֹל אֲשֶׁר־עָמְדוּ עָלָיו
הַאַתֶּם ׀ תְּרִיבוּן לַבַּעַל אִם־אַתֶּם תּוֹשִׁיעוּן אוֹתוֹ אֲשֶׁר יָרִיב
לוֹ יוּמַת עַד־הַבֹּקֶר אִם־אֱלֹהִים הוּא יָרֶב לוֹ כִּי נָתַץ אֶת־
32 מִזְבְּחוֹ׃ וַיִּקְרָא־לוֹ בַיּוֹם־הַהוּא יְרֻבַּעַל לֵאמֹר יָרֶב בּוֹ
33 הַבַּעַל כִּי נָתַץ אֶת־מִזְבְּחוֹ׃ וְכָל־מִדְיָן וַעֲמָלֵק וּבְנֵי־
34 קֶדֶם נֶאֶסְפוּ יַחְדָּו וַיַּעַבְרוּ וַיַּחֲנוּ בְּעֵמֶק יִזְרְעֶאל׃ וְרוּחַ
יְהוָה לָבְשָׁה אֶת־גִּדְעוֹן וַיִּתְקַע בַּשּׁוֹפָר וַיִּזָּעֵק אֲבִיעֶזֶר
לה אַחֲרָיו׃ וּמַלְאָכִים שָׁלַח בְּכָל־מְנַשֶּׁה וַיִּזָּעֵק גַּם־הוּא
אַחֲרָיו וּמַלְאָכִים שָׁלַח בְּאָשֵׁר וּבִזְבֻלוּן וּבְנַפְתָּלִי וַיַּעֲלוּ
36 לִקְרָאתָם׃ וַיֹּאמֶר גִּדְעוֹן אֶל־הָאֱלֹהִים אִם־יֶשְׁךָ מוֹשִׁיעַ
37 בְּיָדִי אֶת־יִשְׂרָאֵל כַּאֲשֶׁר דִּבַּרְתָּ׃ הִנֵּה אָנֹכִי מַצִּיג אֶת־גִּזַּת
הַצֶּמֶר בַּגֹּרֶן אִם טַל יִהְיֶה עַל־הַגִּזָּה לְבַדָּהּ וְעַל־כָּל־הָאָרֶץ
חֹרֶב וְיָדַעְתִּי כִּי־תוֹשִׁיעַ בְּיָדִי אֶת־יִשְׂרָאֵל כַּאֲשֶׁר דִּבַּרְתָּ׃
38 וַיְהִי־כֵן וַיַּשְׁכֵּם מִמָּחֳרָת וַיָּזַר אֶת־הַגִּזָּה וַיִּמֶץ טַל מִן־הַגִּזָּה
39 מְלוֹא הַסֵּפֶל מָיִם׃ וַיֹּאמֶר גִּדְעוֹן אֶל־הָאֱלֹהִים אַל־יִחַר

וָואס אִיז זִיבֶּען יָאהְר אַלְט, אוּנְד רֵייס אָפּ דֶעם מִזְבֵּחַ פוּן בַּעַל וָואס גֶעהֶערְט צוּ דֵיין פָאטֶער, אוּנְד דִיא לִינְדֶען־בֵּיימֶער וָואס זֶענֶען דֶערְנֶעבֶּען זָאלְסְט דוּא אָפּשְׁנֵיידֶען: 26 אוּנְד דוּא זָאלְסְט בּוֹיעֶן אַ מִזְבֵּחַ צוּ יְהוָֹה דֵיין גָאט אוֹיף דֶער שְׁפִּיץ פוּן דֶער דָאזִיגֶען פֶעסְטוּנְג, אִין דֶער אָנְרִיכְטוּנְג, אוּנְד דוּא זָאלְסְט נֶעמֶען דֶעם צְוֵוייטֶען אָקְס, אוּנְד זָאלְסְט אִיהְם אוֹיפְבְּרֶענְגֶען אַלְס אַ קָרְבָּן עוֹלָה, מִיט דֶעם הָאלְץ פוּן דִיא לִינְדֶען וָואס דוּא וֶועסְט אָפּשְׁנֵיידֶען: 27 אוּנְד גִדְעוֹן הָאט גֶענוּמֶען צֶעהְן מֶענְער פוּן זֵיינֶע קְנֶעכְט, אוּנְד עֶר הָאט גֶעטְהוּן אַזוֹי וִויא גָאט הָאט צוּ אִיהְם גֶערֶעט, אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען וֵוייל עֶר הָאט מוֹרָא גֶעהַאט פַאר זֵיין פָאטֶער'ס הוֹיזְגֶעזִינְד, אוּנְד פַאר דִיא שְׁטָאט־לֵייט עֶס צוּ טְהוּן בֵּייא טָאג אַזוֹי הָאט עֶר עֶס גֶעטְהוּן בֵּייא נַאכְט: 28 אוּנְד וֶוען דִיא שְׁטָאט־לֵייט זֶענֶען אִין דֶער פְרִיה אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען, אַזוֹי זֶעה, דֶער מִזְבֵּחַ פוּן בַּעַל אִיז גֶעוֶועזֶען אַרוּפְגֶעוָוארְפֶען, אוּנְד דִיא לִינְדֶען־בֵּיימֶער וָואס זֶענֶען דֶערְנֶעבֶּען גֶעוֶועזֶען אָפְּגֶעשְׁנִיטֶען, אוּנְד דֶער אַנְדֶערֶער אָקְס וַואר אוֹיפְגֶעבְּרַאכְט אַלְס קָרְבָּן עוֹלָה אוֹיף דֶעם מִזְבֵּחַ וָואס וַואר אוֹיפְגֶעבּוֹיעֶט: 29 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט, אֵיינֶער צוּ דֶעם אַנְדֶערְן, וֶוער הָאט דִיא דָאזִיגֶע זַאךְ גֶעטְהוּן? אוּנְד וֶוען זֵייא הָאבֶּען אוֹיסְגֶעפָארְשְׁט אוּנְד גֶעזוּכְט הָאבֶּען זֵייא גֶעזָאגְט, אַז גִדְעוֹן זוּהְן פוּן יוֹאָשׁ הָאט דִיא דָאזִיגֶע זַאךְ גֶעטְהוּן: 30 אוּנְד דִיא שְׁטָאט־לֵייט הָאבֶּען גֶעזָאגְט צוּ יוֹאָשׁ, בְּרֶענְג אַרוֹיס דֵיין זוּהְן, אַז עֶר זָאל גֶעטֵייט וֶוערֶען, וֵוייל עֶר הָאט צוּשְׁטוֹיסֶען דֶעם מִזְבֵּחַ פוּן בַּעַל, אוּנְד וֵוייל עֶר הָאט אָפְּגֶעשְׁנִיטֶען דִיא לִינְדֶען־בֵּיימֶער וָואס זֶענֶען בֵּייא אִיהְם גֶעוֶועזֶען: 31 אוּנְד יוֹאָשׁ הָאט גֶעזָאגְט צוּ אַלֶע וָואס זֶענֶען בֵּייא אִיהְם גֶעשְׁטַאנֶען, ווִילְט אִיהְר אֵייךְ קְרִיגֶען פַאר בַּעַל? אָדֶער ווִילְט אִיהְר אִיהְם הֶעלְפֶען? דֶער וָואס ווִיל זִיךְ פַאר אִיהְם קְרִיגֶען דֶער זָאל גֶעטֵייט וֶוערֶען בִּיז פְרִיה־מָארְגֶען; וֶוען עֶר אִיז אַ גָאט, לָאז עֶר זִיךְ אַלֵיין קְרִיגֶען, וֵוייל מֶען הָאט צוּשְׁטוֹיסֶען זֵיין מִזְבֵּחַ: 32 דַארוּם הָאט מֶען אִיהְם גֶערוּפֶען אָן דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען טָאג יְרֻבַּעַל, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, לָאז בַּעַל זִיךְ מִיט אִיהְם קְרִיגֶען, וֵוייל עֶר הָאט צוּשְׁטוֹיסֶען זֵיין מִזְבֵּחַ: 33 אוּנְד גַאנְץ מִדְיָן, אוּנְד עֲמָלֵק, אוּנְד דִיא קִינְדֶער פוּן מִזְרָח הָאבֶּען זִיךְ צוּזַאמֶען פֶערְזַאמֶעלְט, אוּנְד זֵייא זֶענֶען אַרִיבֶּער־גֶעגַאנְגֶען אוּנְד הָאבֶּען זִיךְ גֶעלַאגֶערְט אִין דֶעם טְהָאל פוּן יִזְרְעֶאל: 34 אוּנְד דֶער גֵייסְט פוּן יְהוָֹה הָאט אָנְגֶעקְלֵיידֶעט דֶעם גִדְעוֹן, אוּנְד עֶר הָאט שׁוֹפָר גֶעבְּלָאזֶען, אוּנְד אֲבִיעֶזֶר הָאט זִיךְ הִינְטֶער אִיהְם אֵיינְגֶעזַאמֶעלְט: 35 אוּנְד עֶר הָאט אוֹיסְגֶעשִׁיקְט שְׁלוּחִים דוּרְךְ גַאנְץ מְנַשֶּׁה, אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ אוֹיךְ הִינְטֶער אִיהְם אֵיינְגֶעזַאמֶעלְט; אוּנְד עֶר הָאט אוֹיסְגֶעשִׁיקְט שְׁלוּחִים צוּ אָשֵׁר, אוּנְד זְבֻלוּן אוּנְד נַפְתָּלִי, אוּנְד זֵייא זֶענֶען אַרוֹיפְגֶעקוּמֶען אִיהְם עֶנְטְקֶעגֶען: 36 אוּנְד גִדְעוֹן הָאט גֶעזָאגְט צוּ גָאט, וֶוען דוּא ווִילְסְט יִשְׂרָאֵל הֶעלְפֶען דוּרְךְ מֵיינֶע הַאנְד אַזוֹי וִויא דוּא הָאסְט גֶערֶעט: 37 זֶעה, אִיךְ וֶועל אוֹיפְשְׁטֶעלֶען אַ שֶׁערוּנְג פוּן וָואל אִין דִיא שֵׁייעֶר, וֶוען דֶער טוֹיא וֶועט זֵיין אוֹיף דִיא שֶׁערוּנְג אַלֵיין, אוּנְד אוֹיף דֶער גַאנְצֶער עֶרְד וֶועט זֵיין טְרוּקֶען, אַזוֹי וֶועל אִיךְ ווִיסֶען אַז דוּא וֶועסְט הֶעלְפֶען יִשְׂרָאֵל דוּרְךְ מֵיינֶע הַאנְד, אַזוֹי וִויא דוּא הָאסְט גֶערֶעט: 38 אוּנְד עֶס אִיז אַזוֹי גֶעוֶועזֶען, וֶוען עֶר אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען אִין דֶער פְרִיה, אוּנְד עֶר הָאט צוּזַאמֶען גֶענוּמֶען דִיא שֶׁערוּנְג, הָאט עֶר אוֹיסְגֶעקְוֶועטְשְׁט דֶעם טוֹיא פוּן דִיא שֶׁערוּנְג אַ בֶּעקֶען פוּל מִיט וָואסֶער: 39 אוּנְד גִדְעוֹן הָאט גֶעזָאגְט צוּ גָאט, לָאז נִיט דֵיין צָארְן קֶעגֶען מִיר דֶערְגְרִימֶען,

אוּנְד

אונד איך וועל נאר דאס מאל רעדען, איך בעט דיך, לאז מיך נאך דאס מאל פריפען מיט דער שערונג, לאז דאך זיין טרוקען אויף דער שערונג אליין, אבער אויף דער גאנצער ערד לאז זיין טויא: 40 אונד גאט האט אזוי געטהון אין דיא זעלביגע נאכט, עס איז געווען טרוקען אויף דער שערונג אליין, אבער אויף דער גאנצער ערד איז געוועזען טויא:

אַפְּךָ בִּי וַאֲדַבְּרָה אַךְ הַפָּעַם אֲנַסֶּה־נָּא רַק־הַפַּעַם בַּגִּזָּה
יְהִי־נָא חֹרֶב אֶל־הַגִּזָּה לְבַדָּהּ וְעַל־כָּל־הָאָרֶץ יִהְיֶה־טָּל׃
וַיַּעַשׂ אֱלֹהִים כֵּן בַּלַּיְלָה הַהוּא וַיְהִי־חֹרֶב אֶל־הַגִּזָּה לְבַדָּהּ מ
וְעַל־כָּל־הָאָרֶץ הָיָה טָל׃

ז

וַיַּשְׁכֵּם יְרֻבַּעַל הוּא גִדְעוֹן וְכָל־הָעָם אֲשֶׁר אִתּוֹ וַיַּחֲנוּ א
עַל־עֵין חֲרֹד וּמַחֲנֵה מִדְיָן הָיָה־לוֹ מִצָּפוֹן מִגִּבְעַת הַמּוֹרֶה
בָּעֵמֶק׃ וַיֹּאמֶר יְהוָה אֶל־גִּדְעוֹן רַב הָעָם אֲשֶׁר אִתָּךְ 2
מִתִּתִּי אֶת־מִדְיָן בְּיָדָם פֶּן־יִתְפָּאֵר עָלַי יִשְׂרָאֵל לֵאמֹר יָדִי
הוֹשִׁיעָה לִּי׃ וְעַתָּה קְרָא נָא בְּאָזְנֵי הָעָם לֵאמֹר מִי־יָרֵא 3
וְחָרֵד יָשֹׁב וְיִצְפֹּר מֵהַר הַגִּלְעָד וַיָּשָׁב מִן־הָעָם עֶשְׂרִים
וּשְׁנַיִם אֶלֶף וַעֲשֶׂרֶת אֲלָפִים נִשְׁאָרוּ׃ וַיֹּאמֶר יְהוָה 4
אֶל־גִּדְעוֹן עוֹד הָעָם רָב הוֹרֵד אוֹתָם אֶל־הַמַּיִם וְאֶצְרְפֶנּוּ
לְךָ שָׁם וְהָיָה אֲשֶׁר אֹמַר אֵלֶיךָ זֶה ׀ יֵלֵךְ אִתָּךְ הוּא יֵלֵךְ
אִתָּךְ וְכֹל אֲשֶׁר־אֹמַר אֵלֶיךָ זֶה לֹא־יֵלֵךְ עִמָּךְ הוּא לֹא
יֵלֵךְ׃ וַיּוֹרֶד אֶת־הָעָם אֶל־הַמָּיִם וַיֹּאמֶר יְהוָה אֶל־ ה
גִּדְעוֹן כֹּל אֲשֶׁר־יָלֹק בִּלְשׁוֹנוֹ מִן־הַמַּיִם כַּאֲשֶׁר יָלֹק הַכֶּלֶב
תַּצִּיג אוֹתוֹ לְבָד וְכֹל אֲשֶׁר־יִכְרַע עַל־בִּרְכָּיו לִשְׁתּוֹת׃
וַיְהִי מִסְפַּר הַמְלַקְקִים בְּיָדָם אֶל־פִּיהֶם שְׁלֹשׁ מֵאוֹת 6
אִישׁ וְכֹל יֶתֶר הָעָם כָּרְעוּ עַל־בִּרְכֵיהֶם לִשְׁתּוֹת מָיִם׃
וַיֹּאמֶר יְהוָה אֶל־גִּדְעוֹן בִּשְׁלֹשׁ מֵאוֹת הָאִישׁ הַמְלַקְקִים 7
אוֹשִׁיעַ אֶתְכֶם וְנָתַתִּי אֶת־מִדְיָן בְּיָדֶךָ וְכָל־הָעָם יֵלְכוּ
אִישׁ לִמְקֹמוֹ׃ וַיִּקְחוּ אֶת־צֵדָה הָעָם בְּיָדָם וְאֵת שׁוֹפְרֹתֵיהֶם 8
וְאֵת כָּל־אִישׁ יִשְׂרָאֵל שִׁלַּח אִישׁ לְאֹהָלָיו וּבִשְׁלֹשׁ־מֵאוֹת
הָאִישׁ הֶחֱזִיק וּמַחֲנֵה מִדְיָן הָיָה לוֹ מִתַּחַת בָּעֵמֶק׃
וַיְהִי בַּלַּיְלָה הַהוּא וַיֹּאמֶר אֵלָיו יְהוָה קוּם רֵד בַּמַּחֲנֶה 9
כִּי נְתַתִּיו בְּיָדֶךָ׃ וְאִם־יָרֵא אַתָּה לָרֶדֶת רֵד אַתָּה וּפֻרָה י

## קאפיטעל ז

1 אונד ירבעל, דאס איז גדעון, איז אין דער פריה אויפגעשטאנען, אונד דאס גאנצע פאלק וואס איז מיט איהם געוועזען, אונד זייא האבען זיך געלאגערט בייא עין חרוד, אונד דיא מחנה פון מדין איז קעגען איהם געוועזען פון צפון־זייט, פון דער הויך מורה, אין דעם טהאל: 2 אונד גאט האט געזאגט צו גדעון דאס פאלק וואס איז מיט דיר איז צו פיל, אז איך זאל געבען מדין אין זיירע הענד, טאמער וועט זיך ישראל קעגען מיר ריהמען, אונד זאגען, מיינע אייגענע האנד האט מיר געהאלפען: 3 אונד אצונד, לאז אויסרופען אין דיא אוירען פון דעם פאלק אזוי צו זאגען, ווער עס האט מורא אונד ציטערט, דער זאל זיך אומקעהרען, אונד פריה אוועקגיין פון דעם בארג גלעד; אונד עס האט זיך אומגעקעהרט פון דעם פאלק צווייא אונד צוואנציג טויזענד, אבער צעהן טויזענד זענען איבערגעבליבען: 4 אונד גאט האט געזאגט צו גדעון, דאס פאלק איז נאך צו פיל, מאך זייא ארופנידערן צו דעם וואסער, אונד איך וועל זייא דארט צו דיר לייטערן, אונד עס וועט זיין, אז דער פון וועלכען איך וועל צו דיר זאגען, דיזער זאל מיט דיר גיין, דער זאל מיט דיר גיין; אונד פון איטליכען וואס איך וועל צו דיר זאגען, דיזער זאל ניט מיט דיר גיין, דער זאל ניט גיין: 5 אזוי האט ער ארופגענידערט דאס פאלק צו דעם וואסער, אונד גאט האט געזאגט צו גדעון, איטליכער וואס וועט לעקען מיט זיינע צונג פון דעם וואסער אזוי וויא א הונד לעקט, דעם זאלסט דוא בעזונדער שטעלען, אונד (אויך) איטליכען וואס וועט אנידערקניען אויף זיינע קניען צו טרינקען: 6 אונד עס איז געוועזען דיא צאל פון זאלכע וואס האבען געלעקט מיט זייער מויל אין דיא האנד, דרייא הונדערט מאן, אונד אלע איבריגע פון דעם פאלק האבען געקניעט אויף זיירע קניען וואסער צו טרינקען: 7 אונד גאט האט געזאגט צו גדעון, מיט דיא דרייא הונדערט מאן וואס האבען געלעקט וועל איך אייך העלפען אונד איך וועל דעם מדין געבען אין דיינע האנד, אונד לאז דאס גאנצע פאלק גיין איטליכער צו זיין ארט: 8 אונד דאס פאלק האט גענומען שפייז אין זיירע הענד, אונד זיירע שופרות; אונד ער האט (דיא איבריגע) איטליכען מאן פון ישראל אוועקגעשיקט איטליכען צו זיין געצעלט, אונד מיט דרייא הונדערט מאן האט ער זיך געשטארקט, אונד דיא מחנה פון מדין איז קעגען איהם געוועזען פון אונטען אין דעם טהאל: 9 אונד עס איז געוועזען אין דיזעלביגע נאכט, אזוי האט גאט צו איהם געזאגט, שטייא אויף אונד גייא ארופ אין דער מחנה, ווארין איך האב איהם געגעבען אין דיינע האנד: 10 אונד ווען דוא האסט מורא ארופ צו נידערן, אזוי גייא דוא אונד פרה

דיין

טויזענד אונד איין הונדערט מאן, דיזע אלע האבען געצויגען דאס שווערד: 36 אזוי האבען דיא קינדער פון בנימן געזעהען אז זייא זענען געשלאגען געווארען, ווארין דיא מענער פון ישראל האבען פלאץ געמאכט פאר בנימן, ווארין זייא האבען זיך פערזיכערט אויף דיא לויערערס וואס זייא האבען געטהון נעבען גבעה: 37 אונד דיא לויערערס האבען זיך געאיילט, אונד זייא האבען זיך פערשפרייט איבער גבעה, אונד דיא לויערערס האבען (שופר) געבלאזען, אונד האבען געשלאגען דיא גאנצע שטאט מיט דיא שארף פון דעם שווערד: 38 אונד עס איז געוועזען א בעשטימטע צייט (אדער א סימן) צווישען דיא מענער פון ישראל אונד דיא לויערערס, אז זייא זאלען מאכען אויפגיין א גרויסען רויך פון דער שטאט: 39 אונד ווען דיא מענער פון ישראל האבען זיך אומגעקעהרט אין דער מלחמה, אונד בנימן האט אנגעהויבען צו שלאגען דיא דערשלאגענע אין דיא מענער פון ישראל, אן ערך פון דרייסיג מאן,—ווארין זייא האבען געזאגט, אז (ישראל) איז זיכערליך פאר אונס געשלאגען אזוי וויא אין דיא ערשטע מלחמה: 40 אונד דיא פלאם האט אנגעהויבען ארויפצוגיין פון דער שטאט וויא א זייל פון רויך, אונד בנימן האט הינטער זיך געקוקט, אונד זעה, דער רויך פון דיא גאנצע שטאט איז ארויפגעגאנגען ביז צו דעם הימעל: 41 אונד ווען דיא מענער פון ישראל האבען זיך אומגעקעהרט אזוי זענען דיא מענער פון בנימן דערשראקען געווארען, ווייל זייא האבען געזעהען אז דאס בייזע איז איבער זייא אנגעטראפען: 42 אזוי האבען זייא זיך אומגעקעהרט פאר דיא מענער פון ישראל צו דעם וועג פון דער מדבר, אבער דיא מלחמה לייט האבען זיך אן זייא בעהעפט, אונד דיא (וואס זענען ארויסגעקומען) פון דיא שטאט האבען זייא צווישען זיך פערטילגט: 43 זייא האבען בנימן ארומגערינגעלט אונד נאכגעיאגט, פון זייער מנוחה האבען זייא איהם געגרייכט ביז קעגען גבעה, אזוואו דיא זון גייט אויף: 44 אונד עס איז געפאלען פון בנימן אכטצעהן טויזענד מאן, דיזע אלע זענען געוועזען שטארקע מלחמה לייט: 45 אונד זייא האבען זיך אומגעקעהרט אונד זענען אנטלאפען אין דיא מדבר אריין, צו דעם פעלזענשטיין רמון, אונד זייא האבען פון זייא אויפגעקליבען אין דיא הויכע וועגען פינף טויזענד מאן, אונד זייא האבען זייא נאכגעיאגט ביז קיין גדעם, אונד זייא האבען פון זייא דערשלאגען צווייא טויזענד מאן: 46 אונד אלע וואס זענען געפאלען פון בנימן אן דעמזעלבינגען טאג זענען געוועזען פינף אונד צוואנציג טויזענד מאן, וואס האבען געצויגען דאס שווערד, דיזע אלע זענען געוועזען שטארקע מלחמה לייט: 47 אבער דיא וואס האבען זיך אומגעקעהרט אונד זענען אנטלאפען אין דער מדבר אריין צו דעם פעלזענשטיין רמון, ווארען זעקס הונדערט מאן, אונד זייא זענען געבליבען בייא דעם פעלזענשטיין רמון פיער חדשים: 48 אונד דיא מענער פון ישראל זענען צוריקגעקומען צו דיא קינדער בנימן, אונד זייא האבען זייא געשלאגען דורך דיא שארף פון דעם שווערד, פון (יעדע) שטאט, פון מענשען ביז צו בהמות, אלעס וואס איז געפונען געווארען, אויך אלע שטעט האבען זייא פערברענט מיט פייער:

## קאפיטעל כא

1 אונד דיא מענער פון ישראל האבען געשוואוירען אין מצפה, אזוי צו זאגען, קיינער פון אונס זאל געבען זיינע טאכטער צו בנימן פאר א ווייב: 2 אונד דאס פאלק איז געקומען קיין בית אל, אונד זענען דארט געבליבען ביז

אבענד

36 אלף ומאה איש כל־אלה שלף חרב: ויראו בני־בנימן
כי נגפו ויתנו איש־ישראל מקום לבנימן כי בטחו אל־
37 הארב אשר שמו אל־הגבעה: והארב החישו ויפשטו
אל־הגבעה וימשך הארב ויך את־כל־העיר לפי־חרב:
38 והמועד היה לאיש ישראל עם־הארב הרב להעלותם
39 משאת העשן מן־העיר: ויהפך איש־ישראל במלחמה
ובנימן החל להכות חללים באיש־ישראל כשלשים
איש כי אמרו אך נגוף נגף הוא לפנינו במלחמה
כ הראשנה: והמשאת החלה לעלות מן־העיר עמוד עשן
ויפן בנימן אחריו והנה עלה כליל־העיר השמימה:
41 ואיש ישראל הפך ויבהל איש בנימן כי ראה כי־נגעה
42 עליו הרעה: ויפנו לפני איש ישראל אל־דרך המדבר
והמלחמה הדביקתהו ואשר מהערים משחיתים אותו
43 בתוכו: כתרו את־בנימן הרדיפהו מנוחה הדריכהו
44 עד נכח הגבעה ממזרח־שמש: ויפלו מבנימן שמנה־
כה עשר אלף איש את־כל־אלה אנשי חיל: ויפנו וינסו
המדברה אל־סלע הרמון ויעללהו במסלות חמשת
אלפים איש וידביקו אחריו עד־גדעם ויכו ממנו אלפים
46 איש: ויהי כל־הנפלים מבנימן עשרים וחמשה אלף
איש שלף חרב ביום ההוא את־כל־אלה אנשי־חיל:
47 ויפנו וינסו המדברה אל־סלע הרמון שש מאות איש
48 וישבו בסלע רמון ארבעה חדשים: ואיש ישראל
שבו אל־בני בנימן ויכום לפי־חרב מעיר מתם עד־
בהמה עד כל־הנמצא גם כל־הערים הנמצאות
שלחו באש:

## כא

א ואיש ישראל נשבע במצפה לאמר איש ממנו לא־יתן
2 בתו לבנימן לאשה: ויבא העם בית־אל וישבו שם עד־

הָעֶרֶב לִפְנֵי הָאֱלֹהִים וַיִּשְׂאוּ קוֹלָם וַיִּבְכּוּ בְּכִי גָדוֹל׃
3 וַיֹּאמְרוּ לָמָה יְהוָה אֱלֹהֵי יִשְׂרָאֵל הָיְתָה־זֹּאת בְּיִשְׂרָאֵל
4 לְהִפָּקֵד הַיּוֹם מִיִּשְׂרָאֵל שֵׁבֶט אֶחָד׃ וַיְהִי מִמָּחֳרָת
וַיַּשְׁכִּימוּ הָעָם וַיִּבְנוּ־שָׁם מִזְבֵּחַ וַיַּעֲלוּ עֹלוֹת וּשְׁלָמִים׃
5 וַיֹּאמְרוּ בְּנֵי יִשְׂרָאֵל מִי אֲשֶׁר לֹא־עָלָה בַקָּהָל מִכָּל־
שִׁבְטֵי יִשְׂרָאֵל אֶל־יְהוָה כִּי הַשְּׁבוּעָה הַגְּדוֹלָה הָיְתָה
לַאֲשֶׁר לֹא־עָלָה אֶל־יְהוָה הַמִּצְפָּה לֵאמֹר מוֹת יוּמָת׃
6 וַיִּנָּחֲמוּ בְּנֵי יִשְׂרָאֵל אֶל־בִּנְיָמִן אָחִיו וַיֹּאמְרוּ נִגְדַּע הַיּוֹם
7 שֵׁבֶט אֶחָד מִיִּשְׂרָאֵל׃ מַה־נַּעֲשֶׂה לָהֶם לַנּוֹתָרִים לְנָשִׁים
וַאֲנַחְנוּ נִשְׁבַּעְנוּ בַיהוָה לְבִלְתִּי תֶת־לָהֶם מִבְּנוֹתֵינוּ
8 לְנָשִׁים׃ וַיֹּאמְרוּ מִי אֶחָד מִשִּׁבְטֵי יִשְׂרָאֵל אֲשֶׁר לֹא־
עָלָה אֶל־יְהוָה הַמִּצְפָּה וְהִנֵּה לֹא בָא־אִישׁ אֶל־הַמַּחֲנֶה
9 מִיָּבֵישׁ גִּלְעָד אֶל־הַקָּהָל׃ וַיִּתְפָּקֵד הָעָם וְהִנֵּה אֵין־שָׁם
י אִישׁ מִיּוֹשְׁבֵי יָבֵשׁ גִּלְעָד׃ וַיִּשְׁלְחוּ־שָׁם הָעֵדָה שְׁנֵים־
עָשָׂר אֶלֶף אִישׁ מִבְּנֵי הֶחָיִל וַיְצַוּוּ אוֹתָם לֵאמֹר לְכוּ
וְהִכִּיתֶם אֶת־יוֹשְׁבֵי יָבֵשׁ גִּלְעָד לְפִי־חֶרֶב וְהַנָּשִׁים וְהַטָּף׃
11 וְזֶה הַדָּבָר אֲשֶׁר תַּעֲשׂוּ כָּל־זָכָר וְכָל־אִשָּׁה יֹדַעַת מִשְׁכַּב־
12 זָכָר תַּחֲרִימוּ׃ וַיִּמְצְאוּ מִיּוֹשְׁבֵי יָבֵישׁ גִּלְעָד אַרְבַּע מֵאוֹת
נַעֲרָה בְתוּלָה אֲשֶׁר לֹא־יָדְעָה אִישׁ לְמִשְׁכַּב זָכָר וַיָּבִיאוּ
13 אוֹתָם אֶל־הַמַּחֲנֶה שִׁלֹה אֲשֶׁר בְּאֶרֶץ כְּנָעַן׃ וַיִּשְׁלְחוּ
כָּל־הָעֵדָה וַיְדַבְּרוּ אֶל־בְּנֵי בִנְיָמִן אֲשֶׁר בְּסֶלַע רִמּוֹן וַיִּקְרְאוּ
14 לָהֶם שָׁלוֹם׃ וַיָּשָׁב בִּנְיָמִן בָּעֵת הַהִיא וַיִּתְּנוּ לָהֶם הַנָּשִׁים
טו אֲשֶׁר חִיּוּ מִנְּשֵׁי יָבֵשׁ גִּלְעָד וְלֹא־מָצְאוּ לָהֶם כֵּן׃ וְהָעָם
נִחָם לְבִנְיָמִן כִּי־עָשָׂה יְהוָה פֶּרֶץ בְּשִׁבְטֵי יִשְׂרָאֵל׃
16 וַיֹּאמְרוּ זִקְנֵי הָעֵדָה מַה־נַּעֲשֶׂה לַנּוֹתָרִים לְנָשִׁים כִּי־
17 נִשְׁמְדָה מִבִּנְיָמִן אִשָּׁה׃ וַיֹּאמְרוּ יְרֻשַּׁת פְּלֵיטָה לְבִנְיָמִן
18 וְלֹא־יִמָּחֶה שֵׁבֶט מִיִּשְׂרָאֵל׃ וַאֲנַחְנוּ לֹא נוּכַל לָתֶת־
לָהֶם נָשִׁים מִבְּנוֹתֵינוּ כִּי־נִשְׁבְּעוּ בְנֵי־יִשְׂרָאֵל לֵאמֹר

אָבֶענְד פָאר גָאט, אוּנְד זַייא הָאבֶּען אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען זַייעֶר קוֹל אוּנְד זַייא הָאבֶּען שְׁטַארְק גֶעוויינְט: 3 אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט, אָ גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל, פַארְוָואס אִיז דָאס דָאזִיגֶע גֶעשֶׁעהֶען אִין יִשְׂרָאֵל, אַז עֶס זָאל הַיינְט גֶעמִינֶערְט וֶוערֶען אֵיין שֵׁבֶט פוּן יִשְׂרָאֵל? 4 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אִין דֶעם אַנְדֶערְן טָאג, אַזוֹי אִיז דָאס פָאלְק פְרִיה אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶעבּוֹיעֶט אַ מִזְבֵּחַ, אוּנְד זַייא הָאבֶּען מַקְרִיב גֶעוֶועזֶען בְּרַאנְד־אָפְּפֶער אוּנְד פְרִיד־אָפְּפֶער: 5 אוּנְד דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל הָאבֶּען גֶעזָאגְט, וֶוער אִיז דָא פוּן אַלֶע שְׁבָטִים פוּן יִשְׂרָאֵל וָואס אִיז נִיט אַרוֹיפְגֶעקוּמֶען אִין דֶער פֶערְזַאמְלוּנְג צוּ גָאט? וָוארִין עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אַ גְרוֹיסֶע שְׁבוּעָה וֶועגֶען דֶעם וָואס אִיז נִיט אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען צוּ גָאט קֵיין מִצְפָּה אַזוֹי צוּ זָאגֶען, עֶר זָאל גֶעוִויס גֶעטֵייט וֶוערֶען: 6 אוּנְד דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל הָאבֶּען חֲרָטָה גֶעהַאט וֶועגֶען בִּנְיָמִן זַייעֶר בְּרוּדֶער, אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט, אֵיין שֵׁבֶט אִיז אָפְּגֶעשְׁנִיטֶען גֶעוָוארֶען פוּן יִשְׂרָאֵל: 7 וָואס זָאלֶען מִיר טְהוּן צוּ זַייא וָואס זֶענֶען אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּען וֶועגֶען וַוייבֶּער? וָוארִין מִיר הָאבֶּען גֶעשְׁוְואוֹירֶען בַּייא גָאט אַז מִיר וֶועלֶען נִיט גֶעבֶּען אוּנְזֶערֶע טֶעכְטֶער צוּ זַייא פַאר וַוייבֶּער: 8 אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט, וֶוער אִיז דֶער אֵיינֶער פוּן דִיא שְׁבָטִים פוּן יִשְׂרָאֵל וָואס אִיז נִיט אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען צוּ גָאט קֵיין מִצְפָּה? אוּנְד זֶעה, עֶס אִיז קֵיינֶער נִיט גֶעקוּמֶען צוּ דֶער מַחֲנֶה פוּן יָבֵשׁ גִלְעָד צוּ דֶער פֶערְזַאמְלוּנְג: 9 אוּנְד וֶוען דָאס פָאלְק אִיז גֶעצֵיילְט גֶעוָוארֶען, אוּנְד זֶעה, אַזוֹי אִיז דָארְט קֵיינֶער נִיט גֶעוֶועזֶען פוּן דִיא אֵיינְוְואוֹינֶער פוּן יָבֵשׁ גִלְעָד: 10 אַזוֹי הָאט דִיא גֶעמֵיינְדֶע דָארְט אַהִינְגֶעשִׁיקְט צְוֶועלְף טוֹיזֶענְד מַאן פוּן דִיא שְׁטַארְקֶע מִלְחָמָה לֵייט, אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶעבָּאטֶען אַזוֹי צוּ זָאגֶען, גֵייט אַהִין אוּנְד שְׁלָאגְט דִיא אֵיינְוְואוֹינֶער פוּן יָבֵשׁ גִלְעָד מִיט דִיא שַׁארְף פוּן דֶעם שְׁוֶוערְד, מִיט דִיא וַוייבֶּער אוּנְד קְלֵיינֶע קִינְדֶער: 11 אוּנְד דָאס אִיז דִיא זַאךְ וָואס אִיהְר זָאלְט טְהוּן, אִיהְר זָאלְט פֶערְטִילְגֶען אִיטְלִיכֶען זָכָר אוּנְד אִיטְלִיכֶעס וַוייבּ וָואס הָאט גֶעלֶעגֶען מִיט אַ זָכָר: 12 אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶעפוּנֶען פוּן דִיא אֵיינְוְואוֹינֶער פוּן יָבֵשׁ גִלְעָד פִיעֶר הוּנְדֶערְט יוּנְגֶע בְּתוּלוֹת וָואס הָאבֶּען נָאךְ נִיט דֶערְקֶענְט דָאס גֶעלֶעגֶער מִיט אַ זָכָר אוּנְד זַייא הָאבֶּען זַייא אַרֵיינְגֶעבְּרֶענְגְט צוּ דֶער מַחֲנֶה אִין שִׁלוֹה, וָואס אִיז אִין דֶעם לַאנְד כְּנָעַן: 13 אוּנְד דִיא גַאנְצֶע גֶעמֵיינְדֶע הָאבֶּען אַהִינְגֶעשִׁיקְט אוּנְד הָאבֶּען גֶערֶעט צוּ דִיא קִינְדֶער בִּנְיָמִן וָואס זֶענֶען גֶעוֶועזֶען אִין דֶעם פֶעלְזֶענְשְׁטֵיין רִמּוֹן, אוּנְד זַייא הָאבֶּען צוּ זַייא אוֹיסְגֶערוּפֶען שָׁלוֹם: 14 אַזוֹי הָאט זִיךְ בִּנְיָמִן אִין דֶערְזֶעלְבִּיגֶער צֵייט אוּמְגֶעקֶעהְרְט, אוּנְד זַייא הָאבֶּען צוּ זַייא גֶעגֶעבֶּען דִיא וַוייבֶּער וָואס זַייא הָאבֶּען גֶעלָאזְט לֶעבֶּען פוּן דִיא וַוייבֶּער פוּן יָבֵשׁ גִלְעָד, אָבֶּער זַייא הָאבֶּען נִיט פַאר זַייא גֶענוּג גֶעפוּנֶען (גֶעהַאט): 15 אוּנְד דָאס פָאלְק הָאט זִיךְ בֶּעדֶענְקְט (חֲרָטָה גֶעהַאט) וֶועגֶען בִּנְיָמִן, וָוארִין גָאט הָאט גֶעטְהוּן אַ בְּרָאךְ אִין דִיא שְׁבָטִים פוּן יִשְׂרָאֵל: 16 אוּנְד דִיא עֶלְצְטֶע פוּן דֶער גֶעמֵיינְדֶע הָאבֶּען גֶעזָאגְט, וָואס זָאלֶען מִיר טְהוּן וֶועגֶען וַוייבֶּער פַאר דִיא אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּענֶע; וָוארִין אַלֶע וַוייבֶּער פוּן בִּנְיָמִן זֶענֶען פֶערְטִילְגְט? 17 אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט, עֶס מוּז זַיין אַ יְרוּשָׁה צוּ דִיא אַנְטְרִינֶענֶע פוּן בִּנְיָמִן, אַז עֶס זָאל נִיט אוֹיסְגֶעמֶעקְט וֶוערֶען אַ שֵׁבֶט פוּן יִשְׂרָאֵל: 18 אָבֶּער מִיר קֶענֶען נִיט צוּ זַייא גֶעבֶּען וַוייבֶּער פוּן אוּנְזֶערֶע טֶעכְטֶער, וַוייל דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל הָאבֶּען גֶעשְׁוְואוֹירֶען אוּנְד גֶעזָאגְט,

19 אָרוּר נֹתֵן אִשָּׁה לְבִנְיָמִן׃ ס וַיֹּאמְרוּ הִנֵּה חַג־יְהֹוָה בְּשִׁלוֹ
מִיָּמִים ׀ יָמִימָה אֲשֶׁר מִצְּפוֹנָה לְבֵית־אֵל מִזְרְחָה הַשֶּׁמֶשׁ
20 לִמְסִלָּה הָעֹלָה מִבֵּית־אֵל שְׁכֶמָה וּמִנֶּגֶב לִלְבוֹנָה׃ וַיְצַו
21 אֶת־בְּנֵי בִנְיָמִן לֵאמֹר לְכוּ וַאֲרַבְתֶּם בַּכְּרָמִים׃ וּרְאִיתֶם
וְהִנֵּה אִם־יֵצְאוּ בְנוֹת־שִׁילוֹ לָחוּל בַּמְּחֹלוֹת וִיצָאתֶם מִן־
הַכְּרָמִים וַחֲטַפְתֶּם לָכֶם אִישׁ אִשְׁתּוֹ מִבְּנוֹת שִׁילוֹ וַהֲלַכְתֶּם
22 אֶרֶץ בִּנְיָמִן׃ וְהָיָה כִּי־יָבֹאוּ אֲבוֹתָם אוֹ אֲחֵיהֶם לָרוֹב ׀ אֵלֵינוּ
וְאָמַרְנוּ אֲלֵיהֶם חָנּוּנוּ אוֹתָם כִּי לֹא לָקַחְנוּ אִישׁ אִשְׁתּוֹ
23 בַּמִּלְחָמָה כִּי לֹא אַתֶּם נְתַתֶּם לָהֶם כָּעֵת תֶּאְשָׁמוּ׃ וַיַּעֲשׂוּ־
כֵן בְּנֵי בִנְיָמִן וַיִּשְׂאוּ נָשִׁים לְמִסְפָּרָם מִן־הַמְּחֹלְלוֹת אֲשֶׁר
גָּזָלוּ וַיֵּלְכוּ וַיָּשׁוּבוּ אֶל־נַחֲלָתָם וַיִּבְנוּ אֶת־הֶעָרִים וַיֵּשְׁבוּ
24 בָּהֶם׃ וַיִּתְהַלְּכוּ מִשָּׁם בְּנֵי־יִשְׂרָאֵל בָּעֵת הַהִיא אִישׁ לְשִׁבְטוֹ
כה וּלְמִשְׁפַּחְתּוֹ וַיֵּצְאוּ מִשָּׁם אִישׁ לְנַחֲלָתוֹ׃ בַּיָּמִים הָהֵם אֵין
מֶלֶךְ בְּיִשְׂרָאֵל אִישׁ הַיָּשָׁר בְּעֵינָיו יַעֲשֶׂה׃

## חזק

סכום הפסוקים של ספר שופטים שש מאות ושמנה פשר. יראו את יי׳ קדשיו סימן: וסדריו י״ד. דובב שפתי ישנים סימן: וחציו. וירעצו וירצצו את בני ישראל:

פֶערפְלוּכְט זָאל דֶער זַיין וָואס וֶועט גֶעבֶּען
אַ וַוייבּ צוּ בִּנְיָמִן: 19 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען
גֶעזָאגְט, זֶעה, עֶס אִיז אַ פֵייעֶרְטָאג צוּ
גָאט אִין שִׁלוֹ פוּן יָאהְר צוּ יָאהְר, פוּן
דֶער צָפוֹן־זֵייט צוּ בֵּית אֵל, וְואוּ דִיא זוּן
גֵייט אוֹיף, בַּייא דֶעם הוֹיכֶען וֶועג וָואס
גֵייט אַרוֹיף פוּן בֵּית אֵל קֵיין שְׁכֶם, אַן
דֶער דָרוֹם־זֵייט צוּ לְבוֹנָה: 20 אוּנְד זֵייא
הָאבֶּען גֶעבָּאטֶען דִיא קִינְדֶער בִּנְיָמִן אַזוֹי
צוּ זָאגֶען, גֵייט אַהִין אוּנְד לוֹיעֶרְט אִין
דִיא וַויינְגֶערְטֶען: 21 אוּנְד זֶעהְט צוּ,
וֶוען דִיא טֶעכְטֶער פוּן שִׁלוֹה וֶועלֶען
אַרוֹיסְגֵיין צוּ טַאנְצֶען, אַזוֹי זָאלְט אִיהְר
אַרוֹיסְקוּמֶען פוּן דִיא וַויינְגֶערְטֶען אוּנְד
זָאלְט צוּ אֵייךְ חַאפֶּען אִיטְלִיכֶער זַיין
וַוייבּ פוּן דִיא טֶעכְטֶער פוּן שִׁילוֹ, אוּנְד
אִיהְר זָאלְט גֵיין צוּ דֶעם לַאנְד בִּנְיָמִן:
22 אוּנְד עֶס וֶועט זַיין, דָאס וֶוען זֵייעֶרֶע
עֶלְטֶערְן אָדֶער זֵייעֶרֶע בְּרִידֶער וֶועלֶען
קוּמֶען זִיךְ מִיט אוּנְס צוּ קְרִיגֶען, אַזוֹי וֶועלֶען מִיר צוּ זֵייא זָאגֶען, דֶערְבַּארְמְט אֵייךְ
אִיבֶּער זֵייא אוּנְזֶערְט וֶועגֶען וַוייל מִיר הָאבֶּען נִיט פַאר אִיטְלִיכֶען מַאן גֶענוּמֶען אַ
וַוייבּ אִין דֶער מִלְחָמָה, וַוארִין אִיהְר הָאט זֵייא נִיט צוּ זֵייא גֶעגֶעבֶּען, דָאס אִיהְר זָאלְט
אִין דִיזֶער צֵייט שׁוּלְדִיג זַיין: 23 אוּנְד דִיא קִינְדֶער בִּנְיָמִן הָאבֶּען אַזוֹי גֶעטְהוּן, אוּנְד
זֵייא הָאבֶּען זִיךְ גֶענוּמֶען וַוייבֶּער נָאךְ זֵייעֶרֶע צָאל פוּן דִיא טַאנְצֶערְס וָואס זֵייא הָאבֶּען
זִיךְ גֶערוֹיבְּט, אוּנְד אַזוֹי זֶענֶען זֵייא אַהִינְגֶעגַאנְגֶען אוּנְד זֵייא הָאבֶּען צוּרִיקְגֶעקֶעהְרְט
צוּ זֵייעֶר נַחֲלָה, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אוֹיפְגֶעבּוֹיעֶט דִיא שְׁטֶעט אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אִין זֵייא
גֶעווֹאוֹינְט: 24 אוּנְד דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל זֶענֶען אִין דֶערְזֶעלְבִּיגֶע צֵייט פוּן דָארְטֶען
אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען אִיטְלִיכֶער צוּ זַיין שֵׁבֶט, אוּנְד צוּ זַיינֶע מִשְׁפָּחָה, אוּנְד אִיטְלִיכֶער אִיז
פוּן דָארְטֶען אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען צוּ זַיין נַחֲלָה: 25 אִין דִיזֶעלְבִּיגֶע צֵייט אִיז נִיט גֶעוֶועזֶען
קֵיין מֶלֶךְ אִין יִשְׂרָאֵל, אוּנְד אִיטְלִיכֶער הָאט גֶעטְהוּן אַזוֹי וְויא עֶס אִיז אִיהְם
וְואוֹילְגֶעפָאלֶען:

## חזק

אלע פסוקים פון דעם ספר שופטים זענען זעקס הונדערט אונד אכטצעהן, דיא העלפט
דאפאן איז קאפיטעל י׳ פסוק ח׳; אונד האט איין אונד צוואנציג קאפיטעל:

# שמואל א

א וַיְהִי אִישׁ אֶחָד מִן־הָרָמָתַיִם צוֹפִים מֵהַר אֶפְרָיִם וּשְׁמוֹ
אֶלְקָנָה בֶּן־יְרֹחָם בֶּן־אֱלִיהוּא בֶּן־תֹּחוּ בֶן־צוּף אֶפְרָתִי׃
2 וְלוֹ שְׁתֵּי נָשִׁים שֵׁם אַחַת חַנָּה וְשֵׁם הַשֵּׁנִית פְּנִנָּה וַיְהִי
3 לִפְנִנָּה יְלָדִים וּלְחַנָּה אֵין יְלָדִים׃ וְעָלָה הָאִישׁ הַהוּא מֵעִירוֹ
מִיָּמִים יָמִימָה לְהִשְׁתַּחֲוֺת וְלִזְבֹּחַ לַיהוָה צְבָאוֹת בְּשִׁלֹה
4 וְשָׁם שְׁנֵי בְנֵי־עֵלִי חָפְנִי וּפִנְחָס כֹּהֲנִים לַיהוָה׃ וַיְהִי הַיּוֹם
וַיִּזְבַּח אֶלְקָנָה וְנָתַן לִפְנִנָּה אִשְׁתּוֹ וּלְכָל־בָּנֶיהָ וּבְנוֹתֶיהָ מָנוֹת׃
ה וּלְחַנָּה יִתֵּן מָנָה אַחַת אַפָּיִם כִּי אֶת־חַנָּה אָהֵב וַיהוָה סָגַר
6 רַחְמָהּ׃ וְכִעֲסַתָּה צָרָתָהּ גַּם־כַּעַס בַּעֲבוּר הַרְּעִמָהּ כִּי־
7 סָגַר יְהוָה בְּעַד רַחְמָהּ׃ וְכֵן יַעֲשֶׂה שָׁנָה בְשָׁנָה מִדֵּי
עֲלֹתָהּ בְּבֵית יְהוָה כֵּן תַּכְעִסֶנָּה וַתִּבְכֶּה וְלֹא תֹאכַל׃
8 וַיֹּאמֶר לָהּ אֶלְקָנָה אִישָׁהּ חַנָּה לָמֶה תִבְכִּי וְלָמֶה לֹא
תֹאכְלִי וְלָמֶה יֵרַע לְבָבֵךְ הֲלוֹא אָנֹכִי טוֹב לָךְ מֵעֲשָׂרָה
9 בָּנִים׃ וַתָּקָם חַנָּה אַחֲרֵי אָכְלָה בְשִׁלֹה וְאַחֲרֵי שָׁתֹה
י וְעֵלִי הַכֹּהֵן יֹשֵׁב עַל־הַכִּסֵּא עַל־מְזוּזַת הֵיכַל יְהוָה׃ וְהִיא
11 מָרַת נָפֶשׁ וַתִּתְפַּלֵּל עַל־יְהוָה וּבָכֹה תִבְכֶּה׃ וַתִּדֹּר נֶדֶר
וַתֹּאמַר יְהוָה צְבָאוֹת אִם־רָאֹה תִרְאֶה ׀ בָּעֳנִי אֲמָתֶךָ
וּזְכַרְתַּנִי וְלֹא־תִשְׁכַּח אֶת־אֲמָתֶךָ וְנָתַתָּה לַאֲמָתְךָ זֶרַע
אֲנָשִׁים וּנְתַתִּיו לַיהוָה כָּל־יְמֵי חַיָּיו וּמוֹרָה לֹא־יַעֲלֶה עַל־
12 רֹאשׁוֹ׃ וְהָיָה כִּי הִרְבְּתָה לְהִתְפַּלֵּל לִפְנֵי יְהוָה וְעֵלִי שֹׁמֵר
13 אֶת־פִּיהָ׃ וְחַנָּה הִיא מְדַבֶּרֶת עַל־לִבָּהּ רַק שְׂפָתֶיהָ נָּעוֹת

1 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוועזֶען אַ מַאן פוּן רָמָתַיִם צוֹפִים, פוּן דֶעם בַּארְג אֶפְרַיִם, אוּנְד עֶר הָאט גֶעהֵייסֶען אֶלְקָנָה, זוּהְן פוּן יְרוֹחָם, זוּהְן פוּן אֱלִיהוּא, זוּהְן פוּן תּוֹחוּ, זוּהְן פוּן צוּף אוּיס אֶפְרָת: 2 אוּנְד עֶר הָאט גֶעהַאט צְווייא ווייבֶּער, דֶער נָאמֶען פוּן אֵיינֶער אִיז גֶעוועזֶען חַנָּה, אוּנְד דֶער נָאמֶען פוּן דִיא אַנְדֶערֶע אִיז גֶעוועזֶען פְּנִנָּה; אוּנְד פְּנִנָּה הָאט גֶעהַאט קִינְדֶער אָבֶּער חַנָּה הָאט נִיט גֶעהַאט קֵיינֶע קִינְדֶער: 3 אוּנְד דֶער דָאזִיגֶער מַאן אִיז אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען פוּן זֵיינֶע שְׁטָאט פוּן יָאהְר צוּ יָאהְר זִיךְ צוּ בִּיקֶען אוּנְד מַקְרִיב צוּ זֵיין קָרְבָּנוֹת צוּ גָאט פוּן דִיא הֶערְשַׁארֶען אִין שִׁלוֹה; אוּנְד דָארְטֶען זֶענֶען גֶעוועזֶען דִיא צְווייא זִיהְן פוּן עֵלִי, חָפְנִי אוּנְד פִּנְחָס, זַייא זֶענֶען גֶעוועזֶען כֹּהֲנִים צוּ גָאט: 4 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוועזֶען אַן דֶעם טָאג ווען אֶלְקָנָה הָאט מַקְרִיב גֶעוועזֶען, אַזוֹי הָאט עֶר גֶעגֶעבֶּען חֲלָקִים צוּ פְּנִנָּה זֵיין ווייב אוּנְד צוּ אַלֶע אִיהְרֶע זִיהְן אוּנְד טֶעכְטֶער: 5 אָבֶּער צוּ חַנָּה הָאט עֶר גֶעגֶעבֶּען אַ דָאפֶּעלְט חֵלֶק, וָוארִין עֶר הָאט חַנָּה גֶעלִיעבְּט, אָבֶּער גָאט הָאט פֶערְשְׁלָאסֶען אִיהְר מוּטֶערְלֵייב: 6 אוּנְד אִיהְרֶע פֵיינְדִין הָאט זִיא בֶּעעֶרְגֶערְט אוּנְד דֶערְצָארְנְט, ווייל גָאט הָאט אִיהְר מוּטֶערלֵייב פֶערְשְׁלָאסֶען: 7 אוּנְד אַזוֹי פְלֶעגְט עֶר צוּ טְהוּן פוּן יָאהְר צוּ יָאהְר ווען זִיא אִיז אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען צוּ דֶעם הוֹיז פוּן גָאט, אוּנְד אַזוֹי פְלֶעגְט מֶען זִיא צוּ עֶרְגֶערְן, אוּנְד זִיא הָאט גֶעווייְנְט אוּנְד הָאט נִיט גֶעוָואלְט עֶסֶען: 8 אוּנְד אֶלְקָנָה אִיהְר מַאן הָאט צוּ אִיהְר גֶעזָאגְט, חַנָּה, פַארְוָואס ווייְנְסְט דוּא? אוּנְד פַארְוָואס עֶסְט דוּא נִיט? אוּנְד פַארְוָואס אִיז דֵיין הַארְץ אַזוֹי טְרוֹירִיג? בִּין אִיךְ דֶען נִיט בֶּעסֶער צוּ דִיר ווִיא צֶעהְן זִיהְן? 9 אוּנְד חַנָּה אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען נָאכְדֶעם זִיא הָאט גֶעגֶעסֶען אוּנְד גֶעטְרוּנְקֶען אִין שִׁלוֹה, אוּנְד עֵלִי דֶער כֹּהֵן אִיז גֶעזֶעסֶען אוֹיף אַ שְׁטוּהְל נֶעבֶּען דֶער מְזוּזָה פוּן דֶעם הֵיכָל פוּן גָאט: 10 אוּנְד זִיא הָאט גֶעהַאט אַ בִּיטֶער גֶעמִיט, אוּנְד זִיא הָאט גֶעבֶּעטֶען צוּ גָאט, אוּנְד זִיא הָאט זֶעהְר גֶעווייְנְט: 11 אוּנְד זִיא הָאט אַ נֶדֶר גֶעטְהוּן, אוּנְד זִיא הָאט גֶעזָאגְט, אָ גָאט, פוּן דִיא הֶערְשַׁארֶען! ווען דוּא וֶועסְט אָנְזֶעהֶען דָאס עֶלֶענְד פוּן דֵיינֶע דִינְסְטמוֹיד, אוּנְד וֶועסְט אָן מִיר גֶעדֶענְקֶען, אוּנְד נִיט פֶערְגֶעסֶען דֵיינֶע דִינְסְטמוֹיד, נֵייעֶרְט דוּא וֶועסְט גֶעבֶּען צוּ דֵיינֶע דִינְסְטמוֹיד מֶענְלִיכֶען זָאמֶען, אַזוֹי וֶועל אִיךְ (אִיהם) גֶעבֶּען צוּ גָאט אַלֶע זֵיינֶע לֶעבֶּענְסְטֶעג, אוּנְד קֵיין גָאלְמֶעסֶער זָאל נִיט אַרוֹיפְקוּמֶען אוֹיף זֵיין קָאפּ: 12 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוועזֶען וֶוען זִיא הָאט פִיל גֶעבֶּעטֶען פַאר גָאט, אַזוֹי הָאט עֵלִי בֶּעטְרַאכְט אִיהְר מוֹיל: 13 וָוארִין חַנָּה הָאט גֶערֶעט אִין אִיהְר הַארְץ, אִיהְרֶע לִיפֶּען הָאבֶּען זִיךְ נָאר בֶּעוועגְט

אבער

אָבֶּער אִיהְר קוֹל אִיז נִיט גֶעהֶערְט גֶעוָוארֶען; אַזוֹי הָאט זִיא עֵלִי גֶערֶעכֶענְט פַאר אַ שִׁכּוֹרְתֶע: 14 אוּנְד עֵלִי הָאט צוּ אִיהְר גֶעזָאגְט, בִּיז וִויא לַאנְג וֶועסְט דוּא נָאךְ זַיין אָנְגֶעשִׁכּוֹרְת? טְהוּא אָפּ דֵיין ווַיין פוּן דִיר: 15 אוּנְד חַנָּה הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד גֶעזָאגְט, נֵיין, מֵיין הַאר! אִיךְ בִּין אַ פְרוֹיא מִיט אַ שְׁוֶוער גֶעמִיט, אִיךְ הָאבּ נִיט גֶעטְרוּנְקֶען קֵיין ווַיין אָדֶער שְׁטַארְק גֶעטְרֶענְק, נֵייעֶרְט אִיךְ הָאבּ מֵיין נֶפֶשׁ אוֹיסְגֶעגָאסֶען פָאר גָאט: 16 הַאלְט נִיט דֵיינֶע דִינְסְטמוֹיד פַאר אַ שְׁלֶעכְטֶע טָאכְטֶער, וָוארִין וֶועגֶען פִיל קְלָאגֶען אוּנְד צָארְן הָאבּ אִיךְ בִּיז אַהֶער גֶערֶעט: 17 אַזוֹי הָאט עֵלִי גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד גֶעזָאגְט, גֵייא בְּשָׁלוֹם, אוּנְד דֶער גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל וֶועט דִיר גֶעבֶּען נָאךְ דֵיין גֶעבֶּעט וָואס דוּא הָאסְט פוּן אִיהְם גֶעבֶּעטֶען: 18 אוּנְד זִיא הָאט גֶעזָאגְט, לָאז דֵיינֶע דִינְסְטמוֹיד גֶעפִינֶען חֵן אִין דֵיינֶע אוֹיגֶען; אוּנְד דָאס ווַייבּ אִיז אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען אִיהְרֶען וֶועג, אוּנְד זִיא הָאט גֶעגֶעסֶען, אוּנְד אִיהְר פָּנִים אִיז שׁוֹין נִיט מֶעהְר (טְרוֹירִיג) גֶעוֶועזֶען: 19 אוּנְד זֵייא זֶענֶען אִין דֶער פְרִיה אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זִיךְ גֶעבִּיקְט פָאר גָאט, אוּנְד זֶענֶען צוּרִיקְגֶעקֶעהְרְט, אוּנְד זֶענֶען אָנְגֶעקוּמֶען צוּ זֵייעֶר הוֹיז אִין רָמָת, אוּנְד אֶלְקָנָה הָאט דֶערְקֶענְט חַנָּה זַיין ווַייבּ, אוּנְד גָאט הָאט אַן אִיהְר גֶעדַאכְט: 20 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען צוּ דֶעם אַרוּמְרִינְגֶעלְן פוּן דִיא טֶעג, אַזוֹי אִיז חַנָּה טְרָאגֶענְדִיג גֶעוָוארֶען אוּנְד זִיא הָאט גֶעהָיינֶען אַ זוּהְן, אוּנְד זִיא הָאט גֶערוּפֶען זַיין נָאמֶען שְׁמוּאֵל, וָוארִין (זִיא הָאט גֶעזָאגְט) פוּן גָאט הָאבּ אִיךְ אִיהְם אוֹיסְגֶעבֶּעטֶען: 21 אוּנְד דֶער מַאן אֶלְקָנָה אוּנְד זַיין גַאנְץ הוֹיזְגֶעזִינְד זֶענֶען אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען מַקְרִיב צוּ זַיין דִיא יֶעהְרְלִיכֶע קָרְבָּנוֹת אוּנְד צוּ טְהוּן זַיין נֶדֶר: 22 אָבֶּער חַנָּה אִיז נִיט אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען, וָוארִין זִיא הָאט גֶעזָאגְט צוּ אִיהְר מַאן, וֶוען דֶער יוּנְג וֶועט זַיין אָפְּגֶעוֶוינְט אַזוֹי וֶועל אִיךְ אִיהְם בְּרֶענְגֶען אוּנְד מִיר וֶועלֶען זֶעהֶען דָאס פָּנִים פוּן גָאט אַז עֶר זָאל דָארְטֶען בְּלֵייבֶּען בִּיז אוֹיף אֵייבִּיג: 23 אוּנְד אֶלְקָנָה אִיהְר מַאן הָאט צוּ אִיהְר גֶעזָאגְט, טְהוּא וָואס אִיז גוּט אִין דֵיינֶע אוֹיגֶען, בְּלֵייבּ (אִין דֶער הֵיים) בִּיז דוּא וֶועסְט אִיהְם הָאבֶּען אָפְּגֶעוֶוינְט, לָאז נָאר גָאט מְקַיֵּים זַיין זֵיינֶע רֵייד; אוּנְד דָאס ווַייבּ אִיז (אִין דֶער הֵיים) גֶעבְּלִיבֶּען אוּנְד זִיא הָאט גֶעזֵייגְט אִיהְר זוּהְן בִּיז זִיא הָאט אִיהְם אָפְּגֶעוֶוינְט: 24 וֶוען זִיא הָאט אִיהְם אָפְּגֶעוֶוינְט, אַזוֹי הָאט זִיא אִיהְם מִיט זִיךְ אַרוֹיפְגֶעבְּרַאכְט מִיט דְרֵייא אָקְסֶען אוּנְד אֵיין מָאס מֶעהְל, אוּנְד אֵיין לָאגֶעל ווַיין, אוּנְד זִיא הָאט אִיהְם אַרֵיינְגֶעבְּרַאכְט אִין דֶעם הוֹיז פוּן גָאט אִין שִׁלוֹה, אוּנְד דָאס קִינְד אִיז נָאךְ גֶעוֶועזֶען יוּנְג: 25 אוּנְד מֶען הָאט גֶעשָׁאכְטֶען דֶעם אָקְס, אוּנְד דֶעם יוּנְג הָאבֶּען זֵייא גֶעבְּרַאכְט צוּ עֵלִי: 26 אוּנְד זִיא הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ בֶּעט דִיךְ מֵיין הַאר, אַזוֹי וִויא דוּא לֶעבְּסְט, מֵיין הַאר, אִיךְ בִּין דָאס ווַייבּ וָואס אִיז דָא בֵּייא דִיר גֶעשְׁטַאנֶען אוּם צוּ בֶּעטֶען צוּ גָאט: 27 וֶועגֶען דֶעם דָאזִיגֶען יוּנְג הָאבּ אִיךְ גֶעבֶּעטֶען, אוּנְד גָאט הָאט מִיר גֶעגֶעבֶּען מֵיין פֶערְלַאנְגֶען וָואס אִיךְ הָאבּ פוּן אִיהְם גֶעבֶּעטֶען: 28 אוּנְד אִיךְ הָאבּ אִיהְם אוֹיךְ גֶעלִיהֶען צוּ גָאט, דִיא גַאנְצֶע צֵייט וָואס עֶר וֶועט לֶעבֶּען זָאל עֶר זַיין גֶעלִיהֶען צוּ גָאט, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זִיךְ דָארְטֶען גֶעבִּיקְט צוּ גָאט:

14 וְקוֹלָהּ לֹא יִשָּׁמֵעַ וַיַּחְשְׁבֶהָ עֵלִי לְשִׁכֹּרָה׃ וַיֹּאמֶר אֵלֶיהָ
טו עֵלִי עַד־מָתַי תִּשְׁתַּכָּרִין הָסִירִי אֶת־יֵינֵךְ מֵעָלָיִךְ׃ וַתַּעַן
חַנָּה וַתֹּאמֶר לֹא אֲדֹנִי אִשָּׁה קְשַׁת־רוּחַ אָנֹכִי וְיַיִן וְשֵׁכָר
16 לֹא שָׁתִיתִי וָאֶשְׁפֹּךְ אֶת־נַפְשִׁי לִפְנֵי יְהוָה׃ אַל־תִּתֵּן אֶת־
אֲמָתְךָ לִפְנֵי בַּת־בְּלִיָּעַל כִּי מֵרֹב שִׂיחִי וְכַעְסִי דִּבַּרְתִּי
17 עַד־הֵנָּה׃ וַיַּעַן עֵלִי וַיֹּאמֶר לְכִי לְשָׁלוֹם וֵאלֹהֵי יִשְׂרָאֵל
18 יִתֵּן אֶת־שֵׁלָתֵךְ אֲשֶׁר שָׁאַלְתְּ מֵעִמּוֹ׃ וַתֹּאמֶר תִּמְצָא
שִׁפְחָתְךָ חֵן בְּעֵינֶיךָ וַתֵּלֶךְ הָאִשָּׁה לְדַרְכָּהּ וַתֹּאכַל וּפָנֶיהָ
19 לֹא־הָיוּ־לָהּ עוֹד׃ וַיַּשְׁכִּמוּ בַבֹּקֶר וַיִּשְׁתַּחֲווּ לִפְנֵי יְהוָה
וַיָּשֻׁבוּ וַיָּבֹאוּ אֶל־בֵּיתָם הָרָמָתָה וַיֵּדַע אֶלְקָנָה אֶת־חַנָּה
כ אִשְׁתּוֹ וַיִּזְכְּרֶהָ יְהוָה׃ וַיְהִי לִתְקֻפוֹת הַיָּמִים וַתַּהַר חַנָּה
וַתֵּלֶד בֵּן וַתִּקְרָא אֶת־שְׁמוֹ שְׁמוּאֵל כִּי מֵיְהוָה שְׁאִלְתִּיו׃
21 וַיַּעַל הָאִישׁ אֶלְקָנָה וְכָל־בֵּיתוֹ לִזְבֹּחַ לַיהוָה אֶת־זֶבַח הַיָּמִים
22 וְאֶת־נִדְרוֹ׃ וְחַנָּה לֹא עָלָתָה כִּי־אָמְרָה לְאִישָׁהּ עַד־יִגָּמֵל
הַנַּעַר וַהֲבִאֹתִיו וְנִרְאָה אֶת־פְּנֵי יְהוָה וְיָשַׁב שָׁם עַד־עוֹלָם׃
23 וַיֹּאמֶר לָהּ אֶלְקָנָה אִישָׁהּ עֲשִׂי הַטּוֹב בְּעֵינַיִךְ שְׁבִי עַד־גָּמְלֵךְ
אֹתוֹ אַךְ יָקֵם יְהוָה אֶת־דְּבָרוֹ וַתֵּשֶׁב הָאִשָּׁה וַתֵּינֶק אֶת־
24 בְּנָהּ עַד־גָמְלָהּ אֹתוֹ׃ וַתַּעֲלֵהוּ עִמָּהּ כַּאֲשֶׁר גְּמָלַתּוּ בְּפָרִים
שְׁלֹשָׁה וְאֵיפָה אַחַת קֶמַח וְנֵבֶל יַיִן וַתְּבִאֵהוּ בֵית־יְהוָה
כה שִׁלוֹ וְהַנַּעַר נָעַר׃ וַיִּשְׁחֲטוּ אֶת־הַפָּר וַיָּבִאוּ אֶת־הַנַּעַר אֶל־
26 עֵלִי׃ וַתֹּאמֶר בִּי אֲדֹנִי חֵי נַפְשְׁךָ אֲדֹנִי אֲנִי הָאִשָּׁה הַנִּצֶּבֶת
27 עִמְּכָה בָּזֶה לְהִתְפַּלֵּל אֶל־יְהוָה׃ אֶל־הַנַּעַר הַזֶּה הִתְפַּלָּלְתִּי
28 וַיִּתֵּן יְהוָה לִי אֶת־שְׁאֵלָתִי אֲשֶׁר שָׁאַלְתִּי מֵעִמּוֹ׃ וְגַם אָנֹכִי
הִשְׁאִלְתִּהוּ לַיהוָה כָּל־הַיָּמִים אֲשֶׁר הָיָה הוּא שָׁאוּל לַיהוָה
וַיִּשְׁתַּחוּ שָׁם לַיהוָה׃

## ב ב

א וַתִּתְפַּלֵּל חַנָּה וַתֹּאמַר עָלַץ לִבִּי בַּיהוָה רָמָה קַרְנִי

## קאפיטעל ב

1 אוּנְד חַנָּה הָאט גֶעבֶּעטֶען, אוּנְד זִיא הָאט גֶעזָאגְט, מֵיין הַארְץ פְרֵייט זִיךְ אִין גָאט, מֵיין הָארְן
אִיז

2 ביהוה רחב פי על־אויבי כי־שמחתי בישועתך: אין
3 קדוש כיהוה כי־אין בלתך ואין צור כאלהינו: אל־
תרבו תדברו גבהה גבהה יצא עתק מפיכם כי אל
4 דעות יהוה ולא נתכנו עללות: קשת גברים חתים
ה ונכשלים אזרו חיל: שבעים בלחם נשכרו ורעבים
חדלו עד־עקרה ילדה שבעה ורבת בנים אמללה:
6 7 יהוה ממית ומחיה מוריד שאול ויעל: יהוה מוריש
8 ומעשיר משפיל אף־מרומם: מקים מעפר דל מאשפת
ירים אביון להושיב עם־נדיבים וכסא כבוד ינחלם
9 כי ליהוה מצקי ארץ וישת עליהם תבל: רגלי חסידו
ישמר ורשעים בחשך ידמו כי־לא בכח יגבר־איש:
י יהוה יחתו מריבו עלו בשמים ירעם יהוה ידין אפסי־
11 ארץ ויתן־עז למלכו וירם קרן משיחו: וילך אלקנה
הרמתה על־ביתו והנער היה משרת את־יהוה את־פני
12 עלי הכהן: ובני עלי בני בליעל לא ידעו את־יהוה:
13 ומשפט הכהנים את־העם כל־איש זבח זבח ובא נער
14 הכהן כבשל הבשר והמזלג שלש השנים בידו: והכה
בכיור או בדוד או בקלחת או בפרור כל אשר־יעלה
המזלג יקח הכהן בו ככה יעשו לכל־ישראל הבאים
טו שם בשלה: גם בטרם יקטרון את־החלב ובא | נער
הכהן ואמר לאיש הזבח תנה בשר לצלות לכהן ולא־
16 יקח ממך בשר מבשל כי אם־חי: ויאמר אליו האיש
קטר יקטירון כיום החלב וקח־לך כאשר תאוה נפשך
17 ואמר | לו כי עתה תתן ואם־לא לקחתי בחזקה: ותהי
חטאת הנערים גדולה מאד את־פני יהוה כי נאצו
18 האנשים את־מנחת יהוה: ושמואל משרת את־פני
19 יהוה נער חגור אפוד בד: ומעיל קטן תעשה־לו אמו

איז דערהויבען אין גאט, מיין מויל האט זיך דערווייטערט איבער מיינע פיינד, ווייל איך פרייע מיך אין דיינע הילפע: 2 קיינער איז אזוי היילִיג וויא גאט, ווארין עס איז קיינער חוץ דיר, אונד עס איז קיין פעלז אזוי וויא אונזער גאט: 3 איהר זאלט ניט מעהרען צו רעדען האפערדיגקייט עס זאל קיינע שטאלצהייט ארויסקומען פון אייער מויל, ווארין יהוה איז א גאט פון וויסענשאפט, אונד בייא איהם ווערען אלע מעשים אפגעוואויגען: 4 דער בויגען פון דיא שטארקע איז צובראכען, אונד דיא געשטרויכעלטע גורטען זיך אן מיט כח: 5 דיא זאטע פערדינגען זיך פאר ברויט אבער דיא הונגריגע הערען אויף (הונגריג צו זיין); ביז דיא עקרה האט געווינען זיבען, אונד דיא וואס האט געהאט פיל קינדער איז געווארען פערשניטען: 6 גאט טייטעט אונד מאכט לעבעדיג, ער מאכט ארופנידערן אין דעם שאול אונד ברענגט ארויף: 7 גאט מאכט ארעם אונד רייך, ער מאכט ארופנידערן אונד ער דערהייכט אויך: 8 ער שטעלט אויף פון דעם שטויב דעם ארעמען, ער דערהייכט דעם בע־דירפטיגען כדי איהם צו זעצען מיט דיא פירשטען, אונד ער מאכט זייא ירשנ'ן א שטוהל פון כבוד, ווארין צו גאט געהערען דיא גרונדפעסטען פון דער ערד, אונד אויף זייא האט ער געטהון דיא וועלט: 9 ער טהוט היטען דיא פיס פון זיינע חסידים, אבער דיא רשעים ווערען אין דער פינסטער־ניס פערטילגט; ווארין ניט דורך כח קען זיך א מאן שטארקען: 10 גאט וועט פערשניידען דיא וואס קריגען זיך מיט איהם, ער וועט איבער זייא דאנערען אים הימעל, גאט וועט משפט'ן דיא עקען פון דער ערד, אונד ער וועט געבען שטארקהייט צו זיין מלך, אונד ער וועט דערהייכען דאס הארן פון זיין משיח: 11 אונד אלקנה איז געגאנגען קיין רמה צו זיין הויז; אונד דער יונג איז געוועזען א משרת צו גאט פאר עלי הכהן: 12 אבער דיא קינדער פון עלי זענען געוועזען שלעכטע קינדער, זייא האבען ניט געקענט גאט: 13 אונד דאס רעכט פון דיא כהנים מיט דעם פאלק איז געוועזען, אז איטליכער וואס האט מקריב געוועזען קרבנות —אזוי איז דער יונג פון דעם כהן געקומען ווען דאס פלייש האט געקאכט, מיט א דרייא שפיציגען גאבעל אין זיינע האנד: 14 אונד ער האט אריינגעשטאכען אין דעם קאך־בעקען אדער טיגעל, אדער קעסעל, אדער אין דעם טאפ, אלעס וואס איז ארויפגעגאנגען אויף דעם גאבעל האט זיך דער כהן גענומען, אזוי פלעגען זייא צו טהון צו גאנץ ישראל וואס זענען דארט אהינגעקומען אין שלוה: 15 אויך איידער מען האט גערייכערט דאס חלב, איז דער יונג פון דעם כהן געקומען אונד האט געזאגט צו דעם מאן וואס האט מקריב געוועזען, גיב פלייש פאר דעם כהן, ער וויל ניט פון דיר נעמען געקאכטעס פלייש נייערט רויא (פלייש): 16 אונד ווען דער מאן האט צו איהם געזאגט, לאז מען היינט פריהער רייכערן דאס חלב, אונד דערנאך נעם דיר וואס דו גליסט, אזוי האט ער צו איהם געזאגט, ניין, נייערט דו מוסט יעצט געבען, אונד ווען ניט, אזוי וועל איך נעמען מיט געוואלד: 17 אונד דיא זינד פון דיא יונגען איז געוועזען זעהר גרויס פאר גאט, ווארין דיא מענער האבען פעראכטעט דאס שפייז־אפפער פון גאט: 18 אונד שמואל איז געוועזען א משרת פאר גאט, ער איז געוועזען יונג אונד אנגעגאר־טעלט מיט אן אפוד פון ליינען: 19 אונד זיינע מוטער האט איהם געמאכט א קליינעם

וְהֶעֱלְתָה לוֹ מִיָּמִים ׀ יָמִימָה בַּעֲלוֹתָהּ אֶת־אִישָׁהּ לִזְבֹּחַ
כ אֶת־זֶבַח הַיָּמִים׃ וּבֵרַךְ עֵלִי אֶת־אֶלְקָנָה וְאֶת־אִשְׁתּוֹ
וְאָמַר יָשֵׂם יְהוָה לְךָ זֶרַע מִן־הָאִשָּׁה הַזֹּאת תַּחַת הַשְּׁאֵלָה
21 אֲשֶׁר שָׁאַל לַיהוָה וְהָלְכוּ לִמְקֹמוֹ׃ כִּי־פָקַד יְהוָה אֶת־
חַנָּה וַתַּהַר וַתֵּלֶד שְׁלֹשָׁה־בָנִים וּשְׁתֵּי בָנוֹת וַיִּגְדַּל הַנַּעַר
22 שְׁמוּאֵל עִם־יְהוָה׃ וְעֵלִי זָקֵן מְאֹד וְשָׁמַע אֵת כָּל־
אֲשֶׁר יַעֲשׂוּן בָּנָיו לְכָל־יִשְׂרָאֵל וְאֵת אֲשֶׁר־יִשְׁכְּבֻן אֶת־
23 הַנָּשִׁים הַצֹּבְאוֹת פֶּתַח אֹהֶל מוֹעֵד׃ וַיֹּאמֶר לָהֶם לָמָּה
תַעֲשׂוּן כַּדְּבָרִים הָאֵלֶּה אֲשֶׁר אָנֹכִי שֹׁמֵעַ אֶת־דִּבְרֵיכֶם
24 רָעִים מֵאֵת כָּל־הָעָם אֵלֶּה׃ אַל בָּנָי כִּי לוֹא־טוֹבָה
כה הַשְּׁמֻעָה אֲשֶׁר אָנֹכִי שֹׁמֵעַ מַעֲבִרִים עַם־יְהוָה׃ אִם־יֶחֱטָא
אִישׁ לְאִישׁ וּפִלְלוֹ אֱלֹהִים וְאִם לַיהוָה יֶחֱטָא־אִישׁ מִי
יִתְפַּלֶּל־לוֹ וְלֹא יִשְׁמְעוּ לְקוֹל אֲבִיהֶם כִּי־חָפֵץ יְהוָה
26 לַהֲמִיתָם׃ וְהַנַּעַר שְׁמוּאֵל הֹלֵךְ וְגָדֵל וָטוֹב גַּם עִם־יְהוָה
27 וְגַם עִם־אֲנָשִׁים׃ וַיָּבֹא אִישׁ־אֱלֹהִים אֶל־עֵלִי וַיֹּאמֶר
אֵלָיו כֹּה אָמַר יְהוָה הֲנִגְלֹה נִגְלֵיתִי אֶל־בֵּית אָבִיךָ בִּהְיוֹתָם
28 בְּמִצְרַיִם לְבֵית פַּרְעֹה׃ וּבָחֹר אֹתוֹ מִכָּל־שִׁבְטֵי יִשְׂרָאֵל
לִי לְכֹהֵן לַעֲלוֹת עַל־מִזְבְּחִי לְהַקְטִיר קְטֹרֶת לָשֵׂאת אֵפוֹד
29 לְפָנָי וָאֶתְּנָה לְבֵית אָבִיךָ אֶת־כָּל־אִשֵּׁי בְּנֵי יִשְׂרָאֵל׃ לָמָּה
תִבְעֲטוּ בְּזִבְחִי וּבְמִנְחָתִי אֲשֶׁר צִוִּיתִי מָעוֹן וַתְּכַבֵּד אֶת־בָּנֶיךָ
מִמֶּנִּי לְהַבְרִיאֲכֶם מֵרֵאשִׁית כָּל־מִנְחַת יִשְׂרָאֵל לְעַמִּי׃
ל לָכֵן נְאֻם יְהוָה אֱלֹהֵי יִשְׂרָאֵל אָמוֹר אָמַרְתִּי בֵּיתְךָ וּבֵית
אָבִיךָ יִתְהַלְּכוּ לְפָנַי עַד־עוֹלָם וְעַתָּה נְאֻם־יְהוָה חָלִילָה לִּי
31 כִּי־מְכַבְּדַי אֲכַבֵּד וּבֹזַי יֵקָלּוּ׃ הִנֵּה יָמִים בָּאִים וְגָדַעְתִּי אֶת־
32 זְרֹעֲךָ וְאֶת־זְרֹעַ בֵּית אָבִיךָ מִהְיוֹת זָקֵן בְּבֵיתֶךָ׃ וְהִבַּטְתָּ צַר
מָעוֹן בְּכֹל אֲשֶׁר־יֵיטִיב אֶת־יִשְׂרָאֵל וְלֹא־יִהְיֶה זָקֵן בְּבֵיתְךָ
33 כָּל־הַיָּמִים׃ וְאִישׁ לֹא־אַכְרִית לְךָ מֵעִם מִזְבְּחִי לְכַלּוֹת אֶת־
עֵינֶיךָ וְלַאֲדִיב אֶת־נַפְשֶׁךָ וְכָל־מַרְבִּית בֵּיתְךָ יָמוּתוּ אֲנָשִׁים׃

אָבֶּערראָק, אוּנְד זִיא הָאט עֶס צוּ אִיהְם אַלֶע יָאהְר אַרוֹיפְגֶעבְּרַאכְט וֶוען זִיא אִיז אַרוֹיפְגֶעקוּמֶען מִיט אִיהְר מַאן מַקְרִיב צוּ זַיין דָאס יֶעהְרְלִיכֶע קָרְבָּן׃ 20 אוּנְד עֵלִי הָאט גֶעבֶּענְשְׁט אֶלְקָנָה אוּנְד זַיין וַוייבּ, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, גָאט זָאל דִיר גֶעבֶּען קִינְדֶער פוּן דֶער דָאזִיגֶער פְרוֹיא, אָנְשְׁטָאט דֶעם וָואס דוּא הָאסְט עֶנְטְלִיהֶען (אָדֶער וֶועלְכֶען) דוּא הָאסְט אוֹיסְגֶעבֶּעטֶען פוּן גָאט, אוּנְד זַייא זֶענֶען גֶעגַאנְגֶען צוּ זַייעֶר אָרְט׃ 21 וָוארִין גָאט הָאט גֶעדַאכְט אַן חַנָּה, אוּנְד זִיא אִיז טְרָאגֶענְדִיג גֶעוָוארֶען, אוּנְד זִיא הָאט גֶעווּינֶען דְרַייא זִיהְן אוּנְד צְווייא טֶעכְטֶער, אוּנְד דֶער יוּנְג שְׁמוּאֵל אִיז אוֹיפְגֶעוַואקְסֶען בַּייא גָאט׃ 22 אוּנְד עֵלִי אִיז גֶעוֶועזֶען זֶעהְר אַלְט, אוּנְד עֶר הָאט גֶעהֶערְט אַלֶעס וָואס זַיינֶע זִיהְן הָאבֶּען גֶעטְהוּן צוּ גַאנְץ יִשְׂרָאֵל, אוּנְד וִויא זַייא זֶענֶען גֶעלֶעגֶען מִיט דִיא וַוייבֶּער וָואס הָאבֶּען זִיךְ פֶערְזַאמֶעלְט בַּייא דֶער טְהִיר פוּן דֶעם אֹהֶל מוֹעֵד׃ 23 אוּנְד עֶר הָאט צוּ זַייא גֶעזָאגְט, פַארְוָואס טְהוּט אִיהְר זָאלְכֶע זַאכֶען? וָוארִין אִיךְ הֶער פוּן אֵיירֶע שְׁלֶעכְטֶע זַאכֶען פוּן דֶעם דָאזִיגֶען גַאנְצֶען פָאלְק׃ 24 נֵיין, מֵיינֶע זִיהְן, דִיא הֶערוּנְג וָואס אִיךְ הֶער אִיז נִיט גוּט, אִיהְר מַאכְט גָאט'ס פָאלְק זִינְדִיגֶען׃ 25 וֶוען אַ מֶענְשׁ זִינְדִיגְט קֶעגֶען אֵיין אַנְדֶערְן אַזוֹי מִשְׁפָּט אִיהְם דֶער דַיָּן, אָבֶּער וֶוען אַ מֶענְשׁ זִינְדִיגְט קֶעגֶען גָאט, וֶוער קֶען פַאר אִיהְם בֶּעטֶען? אָבֶּער זַייא הָאבֶּען נִיט גֶעוָואלְט הֶערֶען צוּ דֶעם קוֹל פוּן זַייעֶר פָאטֶער, וַוייל גָאט הָאט זַייא גֶעוָואלְט טֵייטֶען׃ 26 אוּנְד דֶער יוּנְג שְׁמוּאֵל אִיז אָנְגֶעגַאנְגֶען אוּנְד גְרוֹיס גֶעוָוארֶען, אוּנְד אִיז גוּט גֶעוֶועזֶען בַּייא גָאט אוּנְד אוֹיךְ בַּייא מֶענְשֶׁען׃ 27 אוּנְד עֶס אִיז גֶעקוּמֶען אַ גֶעטְלִיכֶער מַאן צוּ עֵלִי, אוּנְד עֶר הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, אַזוֹי זָאגְט גָאט,—בִּין אִיךְ נִיט בֶּעשֵׁיינְפֶּערְלֶעךְ אַנְטְפְּלֶעקְט גֶעוָארֶען צוּ דַיין פָאטֶער'ס הוֹיז וֶוען זַייא זֶענֶען נָאךְ גֶעוֶועזֶען אִין מִצְרַיִם אִין פַּרְעֹה'ס הוֹיז? 28 אוּנְד אִיךְ הָאבּ אִיהְם אוֹיסְדֶערְוֶויילְט פוּן אַלֶע שְׁבָטִים פוּן יִשְׂרָאֵל אַז עֶר זָאל זַיין צוּ מִיר אַ כֹּהֵן, מַקְרִיב צוּ זַיין אוֹיף מֵיין מִזְבֵּחַ אוּנְד צוּ רֵייכֶערְן רֵייכֶערְוֶוערְק אוּנְד צוּ טְרָאגֶען דֶעם אֵפוֹד פָאר מִיר? אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעגֶעבֶּען צוּ דַיין פָאטֶער'ס הוֹיזְגֶעזִינְד אַלֶע פֵייעֶר־אָפְּפֶער פוּן דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל? 29 פַארְוָואס טְרֶעט אִיהְר (מִיט דִיא פִיס) מֵיינֶע זְבָחִים אוּנְד מִנָחוֹת וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעבָּאטֶען אִין מֵיינֶע וְואוֹינוּנְג; אוּנְד דוּא הַאלְסְט דֵיינֶע זִיהְן מֶעהְר בְּכָבוֹד וִויא מִיךְ, דָאס אִיהְר מַאכְט אֵייךְ צוּפֶערְשְׁט פֶעט פוּן אַלֶע שְׁפֵּייז־אָפְּפֶער פוּן מֵיין פָאלְק יִשְׂרָאֵל? 30 דָארוּם זָאגְט יְהוָה דֶער גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל, אִיךְ הָאבּ טַאקִי גֶעמֵיינְט אַז דֵיין הוֹיזְגֶעזִינְד אוּנְד דָאס הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן דֵיין פָאטֶער וֶועלֶען פָאר מִיר גֵיין אוֹיף אֵייבִּיג, אָבֶּער אַצוּנְד זָאגְט גָאט, חָלִילָה צוּ מִיר, נֵייעֶרְט דִיא וָואס עֶהְרֶען מִיךְ וֶועל אִיךְ עֶהְרֶען אָבֶּער דִיא וָואס פֶערְשֶׁעמֶען מִיךְ דִיא זָאלֶען לֵייכְט גֶעהַאלְטֶען וֶוערֶען׃ 31 זֶעה, דִיא טֶעג וֶועלֶען קוּמֶען דָאס אִיךְ וֶועל פֶערְשְׁנֵיידֶען דֵיין זָאמֶען אוּנְד דֶעם זָאמֶען פוּן דֵיין פָאטֶער'ס הוֹיז, אַז עֶס וֶועט נִיט זַיין קֵיין אַלְטֶער מַאן אִין דֵיין הוֹיזְגֶעזִינְד׃ 32 אוּנְד דוּא וֶועסְט אָנְקוּקֶען דֶעם בֶּעלֵיידִיגֶער אִין מֵיינֶע וְואוֹינוּנְג אִין אַלֶעם גוּטֶען וָואס וֶועט גֶעטְהוּן וֶוערֶען צוּ יִשְׂרָאֵל, אָבֶּער עֶס וֶועט קֵיינְמָאל נִיט זַיין אֵיין אַלְטֶער מַאן אִין דֵיין הוֹיז׃ 33 אוּנְד דֶער מַאן וָואס אִיךְ וֶועל נִיט פֶערְטִילְגֶען צוּ דִיר פוּן מֵיין מִזְבֵּחַ וִועט זַיין צוּ פֶערְשְׁמַאכְטֶען דֵיינֶע אוֹיגֶען, אוּנְד דֵיינֶע זֶעלֶע טְרוֹיעֶרִיג צוּ מַאכֶען, אוּנְד אַלֶעס אָנְגֶעוַואקְסֶענֶע פוּן דֵיין הוֹיזְגֶעזִינְד וֶועלֶען שְׁטַארְבֶּען (יוּנְגֶע) מֶענֶער׃

34 וְזֶה־לְּךָ הָאוֹת אֲשֶׁר יָבֹא אֶל־שְׁנֵי בָנֶיךָ אֶל־חָפְנִי וּפִינְחָס
לה בְּיוֹם אֶחָד יָמוּתוּ שְׁנֵיהֶם׃ וַהֲקִימֹתִי לִי כֹּהֵן נֶאֱמָן כַּאֲשֶׁר
בִּלְבָבִי וּבְנַפְשִׁי יַעֲשֶׂה וּבָנִיתִי לוֹ בַּיִת נֶאֱמָן וְהִתְהַלֵּךְ לִפְנֵי־
36 מְשִׁיחִי כָּל־הַיָּמִים׃ וְהָיָה כָּל־הַנּוֹתָר בְּבֵיתְךָ יָבוֹא
לְהִשְׁתַּחֲוֺת לוֹ לַאֲגוֹרַת כֶּסֶף וְכִכַּר־לָחֶם וְאָמַר סְפָחֵנִי נָא
אֶל־אַחַת הַכְּהֻנּוֹת לֶאֱכֹל פַּת־לָחֶם׃

ג

א וְהַנַּעַר שְׁמוּאֵל מְשָׁרֵת אֶת־יְהוָֹה לִפְנֵי עֵלִי וּדְבַר יְהוָֹה
2 הָיָה יָקָר בַּיָּמִים הָהֵם אֵין חָזוֹן נִפְרָץ׃ וַיְהִי בַּיּוֹם הַהוּא
וְעֵלִי שֹׁכֵב בִּמְקוֹמוֹ וְעֵינָו הֵחֵלּוּ כֵהוֹת לֹא יוּכַל לִרְאוֹת׃
3 וְנֵר אֱלֹהִים טֶרֶם יִכְבֶּה וּשְׁמוּאֵל שֹׁכֵב בְּהֵיכַל יְהוָֹה
4 אֲשֶׁר־שָׁם אֲרוֹן אֱלֹהִים׃ וַיִּקְרָא יְהוָֹה אֶל־שְׁמוּאֵל וַיֹּאמֶר
ה הִנֵּנִי׃ וַיָּרָץ אֶל־עֵלִי וַיֹּאמֶר הִנְנִי כִּי־קָרָאתָ לִּי וַיֹּאמֶר
6 לֹא־קָרָאתִי שׁוּב שְׁכָב וַיֵּלֶךְ וַיִּשְׁכָּב׃ וַיֹּסֶף יְהוָֹה קְרֹא
עוֹד שְׁמוּאֵל וַיָּקָם שְׁמוּאֵל וַיֵּלֶךְ אֶל־עֵלִי וַיֹּאמֶר הִנְנִי כִּי
7 קָרָאתָ לִי וַיֹּאמֶר לֹא־קָרָאתִי בְנִי שׁוּב שְׁכָב׃ וּשְׁמוּאֵל
8 טֶרֶם יָדַע אֶת־יְהוָֹה וְטֶרֶם יִגָּלֶה אֵלָיו דְּבַר־יְהוָֹה׃ וַיֹּסֶף
יְהוָֹה קְרֹא־שְׁמוּאֵל בַּשְּׁלִשִׁית וַיָּקָם וַיֵּלֶךְ אֶל־עֵלִי וַיֹּאמֶר
9 הִנְנִי כִּי קָרָאתָ לִי וַיָּבֶן עֵלִי כִּי יְהוָֹה קֹרֵא לַנָּעַר׃ וַיֹּאמֶר
עֵלִי לִשְׁמוּאֵל לֵךְ שְׁכָב וְהָיָה אִם־יִקְרָא אֵלֶיךָ וְאָמַרְתָּ
דַּבֵּר יְהוָֹה כִּי שֹׁמֵעַ עַבְדֶּךָ וַיֵּלֶךְ שְׁמוּאֵל וַיִּשְׁכַּב בִּמְקוֹמוֹ׃
י וַיָּבֹא יְהוָֹה וַיִּתְיַצַּב וַיִּקְרָא כְפַעַם־בְּפַעַם שְׁמוּאֵל ׀ שְׁמוּאֵל
11 וַיֹּאמֶר שְׁמוּאֵל דַּבֵּר כִּי שֹׁמֵעַ עַבְדֶּךָ׃ וַיֹּאמֶר
יְהוָֹה אֶל־שְׁמוּאֵל הִנֵּה אָנֹכִי עֹשֶׂה דָבָר בְּיִשְׂרָאֵל אֲשֶׁר
12 כָּל־שֹׁמְעוֹ תְּצִלֶּינָה שְׁתֵּי אָזְנָיו׃ בַּיּוֹם הַהוּא אָקִים אֶל־
13 עֵלִי אֵת כָּל־אֲשֶׁר דִּבַּרְתִּי אֶל־בֵּיתוֹ הָחֵל וְכַלֵּה׃ וְהִגַּדְתִּי
לוֹ כִּי־שֹׁפֵט אֲנִי אֶת־בֵּיתוֹ עַד־עוֹלָם בַּעֲוֺן אֲשֶׁר־יָדַע כִּי־

34 אוּנְד דָאס דָאזִיגֶע וֶועט צוּ דִיר זַיין אַ צֵייכֶען, דָאס וָואס וֶועט אָנְקוּמֶען צוּ דֵיינֶע צְווייא זִיהְן, צוּ חָפְנִי אוּנְד פִּינְחָס, זֵייא וֶועלֶען בֵּיידֶע שְׁטַארְבֶּען אִין אֵיין טָאג: 35 אוּנְד אִיךְ וֶועל מִיר אוֹיפְשְׁטֶעלֶען אַ גֶעטְרֵייעֶן כֹּהֵן, אַזוֹי וִויא עֶס אִיז אִין מֵיין הַארְץ אוּנְד נָאךְ מֵיין ווִילֶען וֶועט עֶר טְהוּן, אוּנְד אִיךְ וֶועל אִיהְם אוֹיפְבּוֹיעֶן אַ גֶעטְרֵייעֶם הוֹיז, אוּנְד עֶר וֶועט גֵיין פָאר מֵיין גֶעזַאלְבְּטֶען (מָשִׁיחַ) אַלֶע טֶעג: 36 אוּנְד עֶס וֶועט זַיין אַז אִיטְלִיכֶער וָואס וֶועט אִיבֶּערְבְּלֵייבֶּען אִין דֵיין הוֹיז, זָאל קוּמֶען זִיךְ צוּ בִּיקֶען צוּ אִיהְם (אוּנְד זִיךְ פֶערְדִינְגֶען) פַאר אַ שְׁטִיק זִילְבֶּער אוּנְד פַאר אַ שְׁטִיק בְּרוֹיט, אוּנְד וֶועט זָאגֶען, אִיךְ בֶּעט דִיךְ, בֶּעהֶעפְט מִיךְ דָאךְ צוּ אֵיינֶעם פוּן דִיא כְּהֻנּוֹת, אַז אִיךְ זָאל הָאבֶּען צוּ עֶסֶען אַ שְׁטִיקֶעל בְּרוֹיט:

קאפיטעל ג

1 אוּנְד דֶער יוּנְג שְׁמוּאֵל אִיז גֶעוֶועזֶען אַ מְשָׁרֵת צוּ גָאט פָאר עֵלִי, אוּנְד דָאס וָוארְט פוּן גָאט אִיז גֶעוֶועזֶען (גַאנְץ) טֵייעֶר אִין דִיזֶעלְבִּיגֶע טֶעג, עֶס אִיז נִיט פֶערְהַאנְדֶען גֶעוֶועזֶען קֵיינֶע אָפֶענֶע נְבוּאוֹת: 2 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אָן דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען טָאג, וֶוען עֵלִי אִיז גֶעלֶעגֶען אוֹיף זַיין אָרְט, אוּנְד זֵיינֶע אוֹיגֶען הָאבֶּען שׁוֹין אָנְגֶעהוֹיבֶּען טוּנְקֶעל צוּ וֶוערֶען אוּנְד עֶר הָאט נִיט גֶעקֶענְט זֶעהֶען: 3 אוּנְד אֵיידֶער דָאס לִיכְט פוּן גָאט אִיז גֶעוָוארֶען אוֹיסְגֶעלָאשֶׁען, אוּנְד שְׁמוּאֵל הָאט זִיךְ גֶעלֵייגְט אִין דֶעם הֵיכַל פוּן גָאט, דָארְט אַוְואוּ דֶער אָרוֹן פוּן גָאט אִיז גֶעוֶועזֶען: 4 אַזוֹי הָאט גָאט גֶערוּפֶען צוּ שְׁמוּאֵל, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, הִיעֶר בִּין אִיךְ! 5 אוּנְד עֶר אִיז אַהִינְגֶעלָאפֶען צוּ עֵלִי אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, הִיעֶר בִּין אִיךְ, וָוארִין דוּא הָאסְט מִיךְ גֶערוּפֶען, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ הָאבּ דִיךְ נִיט גֶערוּפֶען, גֵייא צוּרִיק אוּנְד לֵייג דִיךְ; אוּנְד עֶר אִיז גֶעגַאנְגֶען אוּנְד הָאט זִיךְ צוּרִיקְגֶעלֵייגְט: 6 אוּנְד גָאט הָאט שְׁמוּאֵל נָאכְאַמָאל גֶערוּפֶען, אוּנְד שְׁמוּאֵל אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען אוּנְד אִיז אַהִינְגֶעגַאנְגֶען צוּ עֵלִי אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, הִיעֶר בִּין אִיךְ, וָוארִין דוּא הָאסְט מִיךְ גֶערוּפֶען; אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט אִיךְ הָאבּ דִיךְ נִיט גֶערוּפֶען, מֵיין זוּהְן, קֶעהְר צוּרִיק אוּנְד לֵייג דִיךְ: 7 דָאס אִיז גֶעוֶועזֶען אֵיידֶער שְׁמוּאֵל הָאט גֶעקֶענְט גָאט, אוּנְד אֵיידֶער דָאס וָוארְט פוּן גָאט אִיז צוּ אִיהְם אַנְטְפְּלֶעקְט גֶעוָוארֶען: 8 אוּנְד גָאט הָאט גֶעמֶעהְרְט שְׁמוּאֵל צוּ רוּפֶען דָאס דְרִיטֶע מָאל, אוּנְד עֶר אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען אוּנְד אִיז אַהִינְגֶעגַאנְגֶען צוּ עֵלִי, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, הִיעֶר בִּין אִיךְ, וָוארִין דוּא הָאסְט מִיךְ גֶערוּפֶען; אַזוֹי הָאט עֵלִי פֶערְשְׁטַאנֶען אַז גָאט הָאט דֶעם יוּנְג גֶערוּפֶען: 9 אוּנְד עֵלִי הָאט גֶעזָאגְט צוּ שְׁמוּאֵל, גֵייא אוּנְד לֵייג דִיךְ אַנִידֶער, אוּנְד עֶס וֶועט זַיין וֶוען עֶר וֶועט דִיךְ (ווִידֶער) רוּפֶען, אַזוֹי זָאלְסְט דוּא זָאגֶען, רֶעד אָ הַאר, וָוארִין דֵיין קְנֶעכְט הֶערְט; אַזוֹי אִיז שְׁמוּאֵל גֶעגַאנְגֶען אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ אַנִידֶערְגֶעלֵייגְט אוֹיף זַיין אָרְט: 10 אוּנְד יְהוָֹה אִיז גֶעקוּמֶען אוּנְד הָאט זִיךְ גֶעשְׁטֶעלְט אוּנְד עֶר הָאט גֶערוּפֶען אַזוֹי וִויא דִיא אַנְדֶערֶע מָאל, שְׁמוּאֵל, שְׁמוּאֵל! אוּנְד שְׁמוּאֵל הָאט גֶעזָאגְט, רֶעד, וָוארִין דֵיין קְנֶעכְט הֶערְט: 11 אוּנְד גָאט הָאט גֶעזָאגְט צוּ שְׁמוּאֵל, זֶעה, אִיךְ טְהוּא אַ זַאךְ אִין יִשְׂרָאֵל, אַז אִיטְלִיכֶער וָואס וֶועט עֶס הֶערֶען דֶעם וֶועלֶען זֵיינֶע בֵּיידֶע אוֹירֶען קְלִינְגֶען: 12 אִין דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען טָאג וֶועל אִיךְ לָאזֶען מְקוּיָם וֶוערֶען צוּ עֵלִי אַלֶעס וָואס אִיךְ הָאבּ גֶערֶעט וֶועגֶען זַיין הוֹיזְגֶעזִינְד, אִיךְ וֶועל עֶס אָנְהֵייבֶּען אוּנְד עֶנְדִיגֶען: 13 אוּנְד אִיךְ הָאבּ עֶס אִיהְם שׁוֹין גֶעלָאזְט זָאגֶען, אַז אִיךְ וֶועל מְשַׁפֵּט'ן זַיין הוֹיזְגֶעזִינְד אוֹיף אֵייבִּיג, וֶועגֶען דֶער זִינְד וָואס עֶר הָאט גֶעוְואוּסְט, ווַייל

מְקַלְלִים לָהֶם בָּנָיו וְלֹא כִהָה בָּם׃ וְלָכֵן נִשְׁבַּעְתִּי לְבֵית עֵלִי 14
אִם־יִתְכַּפֵּר עֲוֺן בֵּית־עֵלִי בְּזֶבַח וּבְמִנְחָה עַד־עוֹלָם׃ וַיִּשְׁכַּב טו
שְׁמוּאֵל עַד־הַבֹּקֶר וַיִּפְתַּח אֶת־דַּלְתוֹת בֵּית־יְהוָה וּשְׁמוּאֵל
יָרֵא מֵהַגִּיד אֶת־הַמַּרְאָה אֶל־עֵלִי׃ וַיִּקְרָא עֵלִי אֶת־שְׁמוּאֵל 16
וַיֹּאמֶר שְׁמוּאֵל בְּנִי וַיֹּאמֶר הִנֵּנִי׃ וַיֹּאמֶר מָה הַדָּבָר אֲשֶׁר 17
דִּבֶּר אֵלֶיךָ אַל־נָא תְכַחֵד מִמֶּנִּי כֹּה יַעֲשֶׂה־לְּךָ אֱלֹהִים וְכֹה
יוֹסִיף אִם־תְּכַחֵד מִמֶּנִּי דָּבָר מִכָּל־הַדָּבָר אֲשֶׁר־דִּבֶּר
אֵלֶיךָ׃ וַיַּגֶּד־לוֹ שְׁמוּאֵל אֶת־כָּל־הַדְּבָרִים וְלֹא כִחֵד מִמֶּנּוּ 18
וַיֹּאמַר יְהוָה הוּא הַטּוֹב בְּעֵינָו יַעֲשֶׂה׃ וַיִּגְדַּל שְׁמוּאֵל וַיהוָה 19
הָיָה עִמּוֹ וְלֹא־הִפִּיל מִכָּל־דְּבָרָיו אָרְצָה׃ וַיֵּדַע כָּל־יִשְׂרָאֵל כ
מִדָּן וְעַד־בְּאֵר שָׁבַע כִּי נֶאֱמָן שְׁמוּאֵל לְנָבִיא לַיהוָה׃
וַיֹּסֶף יְהוָה לְהֵרָאֹה בְשִׁלֹה כִּי־נִגְלָה יְהוָה אֶל־שְׁמוּאֵל 21
בְּשִׁלוֹ בִּדְבַר יְהוָה׃

## ד

וַיְהִי דְבַר־שְׁמוּאֵל לְכָל־יִשְׂרָאֵל וַיֵּצֵא יִשְׂרָאֵל לִקְרַאת א
פְּלִשְׁתִּים לַמִּלְחָמָה וַיַּחֲנוּ עַל־הָאֶבֶן הָעֵזֶר וּפְלִשְׁתִּים
חָנוּ בַאֲפֵק׃ וַיַּעַרְכוּ פְלִשְׁתִּים לִקְרַאת יִשְׂרָאֵל וַתִּטֹּשׁ 2
הַמִּלְחָמָה וַיִּנָּגֶף יִשְׂרָאֵל לִפְנֵי פְלִשְׁתִּים וַיַּכּוּ בַמַּעֲרָכָה
בַּשָּׂדֶה כְּאַרְבַּעַת אֲלָפִים אִישׁ׃ וַיָּבֹא הָעָם אֶל־הַמַּחֲנֶה 3
וַיֹּאמְרוּ זִקְנֵי יִשְׂרָאֵל לָמָּה נְגָפָנוּ יְהוָה הַיּוֹם לִפְנֵי
פְלִשְׁתִּים נִקְחָה אֵלֵינוּ מִשִּׁלֹה אֶת־אֲרוֹן בְּרִית יְהוָה וְיָבֹא
בְקִרְבֵּנוּ וְיֹשִׁעֵנוּ מִכַּף אֹיְבֵינוּ׃ וַיִּשְׁלַח הָעָם שִׁלֹה וַיִּשְׂאוּ 4
מִשָּׁם אֵת אֲרוֹן בְּרִית־יְהוָה צְבָאוֹת יֹשֵׁב הַכְּרֻבִים וְשָׁם
שְׁנֵי בְנֵי־עֵלִי עִם־אֲרוֹן בְּרִית הָאֱלֹהִים חָפְנִי וּפִינְחָס׃
וַיְהִי כְּבוֹא אֲרוֹן בְּרִית־יְהוָה אֶל־הַמַּחֲנֶה וַיָּרִעוּ כָל־ ה
יִשְׂרָאֵל תְּרוּעָה גְדוֹלָה וַתֵּהֹם הָאָרֶץ׃ וַיִּשְׁמְעוּ פְלִשְׁתִּים 6
אֶת־קוֹל הַתְּרוּעָה וַיֹּאמְרוּ מֶה קוֹל הַתְּרוּעָה הַגְּדוֹלָה

זײַנֶע זִיהְן הָאבֶּען זִיךְ אַלײן פֶערְשָׁאלְטֶען, אוּנְד עֶר הָאט זײא נִיט אָפְּגֶעהַאלְטֶען:
14 אוּנְד דָארוּם הָאבּ אִיךְ גֶעשְׁוְואוּירֶען צוּ דֶעם הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן עֵלִי אַז דִיא זִינְד פוּן דֶעם הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן עֵלִי זָאל נִיט פֶערְגֶעבֶּען וֶוערֶען דוּרְךְ שְׁלַאכְט־אָפְּפֶער אָדֶער שְׁפֵּייז־אָפְּפֶער אוֹיף אֵייבִּיג:
15 אוּנְד שְׁמוּאֵל אִיז גֶעלֶעגֶען בִּיז צוּ דֶעם פְרִיה מָארְגֶען, אוּנְד עֶר הָאט אוֹיפְגֶעמַאכְט דִיא טְהִירֶען פוּן דֶעם הוֹיז פוּן גָאט, אוּנְד שְׁמוּאֵל הָאט מוֹרָא גֶעהַאט אָנְצוּזָאגֶען דָאס גֶעזִיכְט צוּ עֵלִי: 16 אוּנְד עֵלִי הָאט גֶערוּפֶען שְׁמוּאֵל, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, שְׁמוּאֵל מֵיין זוּהְן! אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, הִיעֶר בִּין אִיךְ: 17 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, וָואס אִיז דִיא זַאךְ וָואס עֶר הָאט צוּ דִיר גֶערֶעט? אִיךְ בֶּעט דִיךְ דוּא זָאלְסְט עֶס נִיט פוּן מִיר בֶּעהַאלְטֶען, גָאט זָאל צוּ דִיר אַזוֹי טְהוּן אוּנְד נָאךְ מֶעהְר וֶוען דוּא וֶועסְט פוּן מִיר בֶּעהַאלְטֶען אַ וָוארְט פוּן אַלֶע זַאכֶען וָואס עֶר הָאט צוּ דִיר גֶערֶעט: 18 אוּנְד שְׁמוּאֵל הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט אַלֶע זַאכֶען, אוּנְד עֶר הָאט גָאר נִיט פוּן אִיהְם בֶּעהַאלְטֶען; אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, עֶס אִיז דֶער הַאר, לָאז עֶר טְהוּן דָאס וָואס אִיז גוּט אִין זײַנֶע אוֹיגֶען: 19 אוּנְד שְׁמוּאֵל אִיז אוֹיפְגֶעוַואקְסֶען, אוּנְד גָאט אִיז מִיט אִיהְם גֶעוֶועזֶען, אוּנְד עֶר הָאט נִיט גֶעלָאזְט פוּן אַלֶע זײַנֶע וֶוערְטֶער פַאלֶען אוֹיף דֶער עֶרְד: 20 אוּנְד גַאנְץ יִשְׂרָאֵל פוּן דָן בִּיז בְּאֵר שָׁבַע הָאט גֶעוְואוּסְט אַז שְׁמוּאֵל אִיז אָנְגֶעשְׁטֶעלְט גֶעוֶועזֶען אַלְס אַ טְרֵייעֶר נָבִיא צוּ גָאט: 21 אוּנְד גָאט הָאט זִיךְ נָאכְאַמָאל בֶּעוִויזֶען אִין שִׁלֹה, וָוארִין גָאט הָאט זִיךְ אַנְטְפְּלֶעקְט צוּ שְׁמוּאֵל אִין שִׁלֹה דוּרְךְ דֶעם וָוארְט פוּן גָאט:

## קאפיטעל ד

1 אוּנְד דָאס וָוארְט פוּן שְׁמוּאֵל אִיז גֶעוֶועזֶען צוּ גַאנְץ יִשְׂרָאֵל; אוּנְד יִשְׂרָאֵל אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען עֶנְטְקֶעגֶען דִיא פְּלִשְׁתִּים מִלְחָמָה צוּ הַאלְטֶען, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זִיךְ גֶעלַאגֶערְט בֵּייא אֶבֶן הָעֶזֶר, אוּנְד דִיא פְּלִשְׁתִּים הָאבֶּען זִיךְ גֶעלַאגֶערְט בֵּייא אַפֵק: 2 אוּנְד דִיא פְּלִשְׁתִּים הָאבֶּען זִיךְ צוּבֶּערֵייטֶעט קֶעגֶען יִשְׂרָאֵל, אוּנְד דִיא מִלְחָמָה הָאט זִיךְ פֶערְשְׁפְּרֵייט, אוּנְד יִשְׂרָאֵל אִיז גֶעשְׁלָאגֶען גֶעוָוארֶען פָאר דִיא פְּלִשְׁתִּים, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעשְׁלָאגֶען אִין דֶער מִלְחָמָה אוֹיף דֶעם פֶעלְד אַן עֶרְךְ פוּן פִיעֶר טוֹיזֶענְד מַאן: 3 אוּנְד דָאס פָאלְק אִיז גֶעקוּמֶען צוּ דֶער מַחֲנֶה, אוּנְד דִיא עֶלְצְטֶע פוּן יִשְׂרָאֵל הָאבֶּען גֶעזָאגְט, פַארְוָואס הָאט אוּנְס גָאט הֵיינְט גֶעשְׁלָאגֶען פָאר דִיא פְּלִשְׁתִּים? לָאמֶיר אוּנְס נֶעמֶען אוֹיס שִׁלֹה דֶעם אָרוֹן פוּן דֶעם בְּרִית פוּן גָאט, וֶוען עֶר וֶועט צְווִישֶׁען אוּנְס קוּמֶען אַזוֹי וֶועט עֶר אוּנְס הֶעלְפֶען פוּן דֶער הַאנְד פוּן אוּנְזֶערֶע פֵיינְד: 4 אוּנְד דָאס פָאלְק הָאט אַהִינְגֶעשִׁיקְט קֵיין שִׁלֹה, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען פוּן דָארְטֶען אַוֶועקְגֶעטְרָאגֶען דֶעם אָרוֹן בְּרִית פוּן יְהוָֹה צְבָאוֹת, וָואס וְואוֹינְט צְווִישֶׁען דִיא כְּרֻבִים, אוּנְד דָארְטֶען זֶענֶען גֶעוֶועזֶען מִיט דֶעם אָרוֹן בְּרִית פוּן גָאט דִיא צְוֵוייא זִיהְן פוּן עֵלִי, חָפְנִי אוּנְד פִּינְחָס: 5 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען וֶוען מֶען הָאט אַרֵיינְגֶעבְּרַאכְט דֶעם אָרוֹן בְּרִית פוּן יְהוָֹה צוּ דֶער מַחֲנֶה, אַזוֹי הָאט גַאנְץ יִשְׂרָאֵל גֶעשְׁרִיעֶן מִיט אַ גְרוֹיס גֶעשְׁרֵייא, דָאס דִיא עֶרְד הָאט דֶערְפוּן גֶעצִיטֶערְט: 6 אוּנְד וֶוען דִיא פְּלִשְׁתִּים הָאבֶּען גֶעהֶערְט דָאס קוֹל פוּן דֶעם גֶעשְׁרֵייא, אַזוֹי הָאבֶּען זֵייא גֶעזָאגְט, וָואס אִיז דָאס קוֹל פוּן דֶעם דָאזִיגֶען גְרוֹיסֶען גֶעשְׁרֵייא

הַזֹּאת בְּמַחֲנֵה הָעִבְרִים וַיֵּדְעוּ כִּי אֲרוֹן יְהוָה בָּא אֶל־
7 הַמַּחֲנֶה׃ וַיִּרְאוּ הַפְּלִשְׁתִּים כִּי אָמְרוּ בָּא אֱלֹהִים אֶל־
הַמַּחֲנֶה וַיֹּאמְרוּ אוֹי לָנוּ כִּי לֹא הָיְתָה כָּזֹאת אֶתְמוֹל
6 שִׁלְשֹׁם׃ אוֹי לָנוּ מִי יַצִּילֵנוּ מִיַּד הָאֱלֹהִים הָאַדִּירִים
הָאֵלֶּה אֵלֶּה הֵם הָאֱלֹהִים הַמַּכִּים אֶת־מִצְרַיִם בְּכָל־מַכָּה
9 בַּמִּדְבָּר׃ הִתְחַזְּקוּ וִהְיוּ לַאֲנָשִׁים פְּלִשְׁתִּים פֶּן תַּעַבְדוּ
לָעִבְרִים כַּאֲשֶׁר עָבְדוּ לָכֶם וִהְיִיתֶם לַאֲנָשִׁים וְנִלְחַמְתֶּם׃
• וַיִּלָּחֲמוּ פְלִשְׁתִּים וַיִּנָּגֶף יִשְׂרָאֵל וַיָּנֻסוּ אִישׁ לְאֹהָלָיו
וַתְּהִי הַמַּכָּה גְּדוֹלָה מְאֹד וַיִּפֹּל מִיִּשְׂרָאֵל שְׁלֹשִׁים אֶלֶף
11 רַגְלִי׃ וַאֲרוֹן אֱלֹהִים נִלְקָח וּשְׁנֵי בְנֵי־עֵלִי מֵתוּ חָפְנִי
12 וּפִינְחָס׃ וַיָּרָץ אִישׁ־בִּנְיָמִן מֵהַמַּעֲרָכָה וַיָּבֹא שִׁלֹה בַּיּוֹם
13 הַהוּא וּמַדָּיו קְרֻעִים וַאֲדָמָה עַל־רֹאשׁוֹ׃ וַיָּבוֹא וְהִנֵּה
עֵלִי יֹשֵׁב עַל־הַכִּסֵּא יַךְ דֶּרֶךְ מְצַפֶּה כִּי־הָיָה לִבּוֹ חָרֵד
עַל אֲרוֹן הָאֱלֹהִים וְהָאִישׁ בָּא לְהַגִּיד בָּעִיר וַתִּזְעַק כָּל־
14 הָעִיר׃ וַיִּשְׁמַע עֵלִי אֶת־קוֹל הַצְּעָקָה וַיֹּאמֶר מֶה קוֹל
טו הֶהָמוֹן הַזֶּה וְהָאִישׁ מִהַר וַיָּבֹא וַיַּגֵּד לְעֵלִי׃ וְעֵלִי בֶּן
תִּשְׁעִים וּשְׁמֹנֶה שָׁנָה וְעֵינָיו קָמָה וְלֹא יָכוֹל לִרְאוֹת׃
16 וַיֹּאמֶר הָאִישׁ אֶל־עֵלִי אָנֹכִי הַבָּא מִן־הַמַּעֲרָכָה וַאֲנִי מִן־
הַמַּעֲרָכָה נַסְתִּי הַיּוֹם וַיֹּאמֶר מֶה־הָיָה הַדָּבָר בְּנִי׃
17 וַיַּעַן הַמְבַשֵּׂר וַיֹּאמֶר נָס יִשְׂרָאֵל לִפְנֵי פְלִשְׁתִּים וְגַם
מַגֵּפָה גְדוֹלָה הָיְתָה בָעָם וְגַם־שְׁנֵי בָנֶיךָ מֵתוּ חָפְנִי
18 וּפִינְחָס וַאֲרוֹן הָאֱלֹהִים נִלְקָחָה׃ וַיְהִי כְּהַזְכִּירוֹ ׀ אֶת־
אֲרוֹן הָאֱלֹהִים וַיִּפֹּל מֵעַל־הַכִּסֵּא אֲחֹרַנִּית בְּעַד ׀ יַד
הַשַּׁעַר וַתִּשָּׁבֵר מַפְרַקְתּוֹ וַיָּמֹת כִּי־זָקֵן הָאִישׁ וְכָבֵד וְהוּא
19 שָׁפַט אֶת־יִשְׂרָאֵל אַרְבָּעִים שָׁנָה׃ וְכַלָּתוֹ אֵשֶׁת־פִּינְחָס
הָרָה לָלַת וַתִּשְׁמַע אֶת־הַשְּׁמֻעָה אֶל־הִלָּקַח אֲרוֹן הָאֱלֹהִים
וּמֵת חָמִיהָ וְאִישָׁהּ וַתִּכְרַע וַתֵּלֶד כִּי־נֶהֶפְכוּ עָלֶיהָ צִרֶיהָ׃

אִין דֶער מַחֲנֶה פוּן דִיא עִבְרִים? וָוארִין זַייא זֶענֶען גֶעוָואר גֶעוָוארֶען אַז דֶער אָרוֹן פוּן יְהוָֹה אִיז אִין דֶער מַחֲנֶה אַרַיינְגֶעקוּמֶען: 7 אוּנְד דִיא פְּלִשְׁתִּים הָאבֶּען מוֹרָא גֶעהַאט, וָוארִין זַייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט, אַז גָאט אִיז אַרַיינְגֶעקוּמֶען צוּ דֶער מַחֲנֶה, אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט, וֵוייא אִיז צוּ אוּנְס! וָוארִין זָאלְכֶעס אִיז נָאךְ קֵיינְמָאל נִיט גֶעוֶועזֶען: 8 וֵוייא אִיז צוּ אוּנְס! וֶוער וֶועט אוּנְס מַצִיל זַיין פוּן דִיא הַאנְד פוּן דִיא דָאזִיגֶע שְׁטַארְקֶע גֶעטֶער? דָאס זֶענֶען דִיא דָאזִיגֶע גֶעטֶער וָואס הָאבֶּען גֶעשְׁלָאגֶען מִצְרַיִם מִיט אַלֶע מַכּוֹת אִין דֶער מִדְבָּר: 9 שְׁטַארְקְט אֵייךְ, אוּנְד זַייט מֶענֶער, אוֹי אִיהְר פְּלִשְׁתִּים, אַז אִיהְר זָאלְט נִיט וֶוערֶען קֵיינֶע קְנֶעכְט צוּ דִיא עִבְרִים, אַזוֹי וִויא זַייא הָאבֶּען אֵייךְ גֶעדִינְט, דָארוּם זַייט מֶענֶער, אוּנְד הַאלְט מִלְחָמָה מִיט זַייא! 10 אוּנְד דִיא פְּלִשְׁתִּים הָאבֶּען מִלְחָמָה גֶעהַאלְטֶען, אוּנְד יִשְׂרָאֵל אִיז גֶעשְׁלָאגֶען גֶעוָוארֶען, אוּנְד אִיטְלִיכֶער אִיז אַנְטְלָאפֶען צוּ זַיין גֶעצֶעלְט, אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אַ זֶעהְר גְרוֹיסֶער שְׁלַאק, אוּנְד עֶס אִיז גֶעפַאלֶען פוּן יִשְׂרָאֵל דְרַייסִיג טוֹיזֶענְד פוּס־גֵייעֶרס: 11 אוּנְד דֶער אָרוֹן פוּן גָאט אִיז אַוֶועקְגֶענוּמֶען גֶעוָוארֶען, אוּנְד דִיא צְוֵוייא זִיהְן פוּן עֵלִי, חָפְנִי אוּנְד פִּינְחָס זֶענֶען גֶעשְׁטָארְבֶּען: 12 אוּנְד אַ מַאן פוּן בִּנְיָמִן אִיז אַוֶועקְגֶעלָאפֶען פוּן דֶער מִלְחָמָה אוּנְד עֶר אִיז דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען טָאג גֶעקוּמֶען קֵיין שִׁלֹה, מִיט זַיינֶע קְלֵיידֶער צֶערִיסֶען, אוּנְד מִיט עֶרְד אוֹיף זַיין קָאפּ: 13 אוּנְד וֶוען עֶר אִיז אָנְגֶעקוּמֶען אַזוֹי הָאט עֶר גֶעזֶעהֶען עֵלִי זִיצֶען אוֹיף אַ שְׁטוּהְל אוֹיף דֶער זַייט פוּן דֶעם וֶועג, אוּנְד עֶר הָאט גֶעוַואכְט, וָוארִין זַיין הַארְץ הָאט גֶעצִיטֶערְט וֶועגֶען דֶעם אָרוֹן פוּן גָאט, אוּנְד וֶוען דֶער מַאן אִיז אָנְגֶעקוּמֶען דָאס אָנְצוּזָאגֶען אִין דֶער שְׁטָאט אַזוֹי הָאט דִיא גַאנְצֶע שְׁטָאט גֶעשְׁרִיעֶן: 14 אוּנְד וֶוען עֵלִי הָאט גֶעהֶערְט דָאס קוֹל פוּן דֶעם גֶעשְׁרַייא, הָאט עֶר גֶעזָאגְט, וָואס אִיז דָאס קוֹל פוּן דֶעם דָאזִיגֶען גֶעטִימֶעל? אוּנְד דֶער מַאן הָאט זִיךְ גֶעאֵיילְט אוּנְד אִיז גֶעקוּמֶען אוּנְד עֶר הָאט עֶס אָנְגֶעזָאגְט צוּ עֵלִי: 15 אוּנְד עֵלִי אִיז אַלְט גֶעוֶועזֶען אַכְט אוּנְד נֵיינְצִיג יָאהְר, אוּנְד זַיינֶע אוֹיגֶען זֶענֶען שְׁטַיין גֶעבְּלִיבֶּען, אוּנְד עֶר הָאט נִיט גֶעקֶענְט זֶעהֶען: 16 אוּנְד דֶער מַאן הָאט גֶעזָאגְט צוּ עֵלִי, אִיךְ בִּין דֶער וָואס אִיז גֶעקוּמֶען פוּן דֶעם מִלְחָמָה פֶעלְד, אוּנְד אִיךְ בִּין הַיינְט אַנְטְלָאפֶען פוּן דֶער מִלְחָמָה, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, וָואס אִיז דִיא זַאךְ, מֵיין זוּהְן? 17 אוּנְד דֶער מְבַשֵּׂר הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, יִשְׂרָאֵל אִיז אַנְטְלָאפֶען פָאר דִיא פְּלִשְׁתִּים, אוּנְד עֶס אִיז אוֹיךְ גֶעוֶועזֶען אַ גְרוֹיסֶער שְׁלַאק אוּנְטֶער דֶעם פָאלְק, אוּנְד אוֹיךְ דֵיינֶע צְוֵוייא זִיהְן, חָפְנִי אוּנְד פִּינְחָס זֶענֶען גֶעשְׁטָארְבֶּען, אוּנְד דֶער אָרוֹן פוּן גָאט אִיז אַוֶועקְגֶענוּמֶען גֶעוָוארֶען: 18 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען וֶוען עֶר הָאט דֶערְמָאנְט דֶעם אָרוֹן פוּן גָאט אַזוֹי אִיז עֶר הִינְטֶער זִיךְ אַרוּפּ־גֶעפַאלֶען פוּן דֶעם שְׁטוּהְל, בַּייא דֶער זַייט פוּן דֶעם טוֹיעֶר, אוּנְד עֶר הָאט זַיין גֶענִיק צוּבְּרָאכֶען אוּנְד עֶר אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען, וָוארִין עֶר אִיז גֶעוֶועזֶען אֵיין אַלְטֶער מַאן אוּנְד שְׁוֶוער; אוּנְד עֶר הָאט יִשְׂרָאֵל גֶעמִשְׁפָּט פִירְצִיג יָאהְר: 19 אוּנְד זַיינֶע שְׁנוּר, דָאס וַוייבּ פוּן פִּינְחָס אִיז טְרָאגֶענְדִיג גֶעוֶועזֶען נָאהֶענְט צוּ גֶעוִוינֶען, אוּנְד וֶוען זִיא הָאט גֶעהֶערְט דִיא הֶערוּנְג אַז דֶער אָרוֹן פוּן גָאט אִיז אַוֶועקְגֶענוּמֶען גֶעוָוארֶען, אוּנְד אַז אִיהְר שְׁוֶועהְר אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען אוּנְד (אוֹיךְ) אִיהְר מַאן, אַזוֹי הָאט זִיא אַנִידֶערְגֶעקְנִיעֶט אוּנְד הָאט גֶעוִוינֶען, וֵוייל אִיהְרֶע גֶעבֶּער שְׁמֶערְצֶען הָאבֶּען זִיךְ אִיבֶּער אִיהְר פֶערְקֶעהְרְט:

אוּנְד

וּכְעֵת מוּתָהּ וַתְּדַבֵּרְנָה הַנִּצָּבוֹת עָלֶיהָ אַל־תִּירְאִי כִּי־בֵן כ
יָלָדְתְּ וְלֹא עָנְתָה וְלֹא־שָׁתָה לִבָּהּ׃ וַתִּקְרָא לַנַּעַר אִי 21
כָבוֹד לֵאמֹר גָּלָה כָבוֹד מִיִּשְׂרָאֵל אֶל־הִלָּקַח אֲרוֹן הָאֱלֹהִים
וְאֶל־חָמִיהָ וְאִישָׁהּ׃ וַתֹּאמֶר גָּלָה כָבוֹד מִיִּשְׂרָאֵל כִּי נִלְקַח 22
אֲרוֹן הָאֱלֹהִים׃

## ה

וּפְלִשְׁתִּים לָקְחוּ אֵת אֲרוֹן הָאֱלֹהִים וַיְבִאֻהוּ מֵאֶבֶן הָעֵזֶר א
אַשְׁדּוֹדָה׃ וַיִּקְחוּ פְלִשְׁתִּים אֶת־אֲרוֹן הָאֱלֹהִים וַיָּבִאוּ אֹתוֹ 2
בֵּית דָּגוֹן וַיַּצִּיגוּ אֹתוֹ אֵצֶל דָּגוֹן׃ וַיַּשְׁכִּמוּ אַשְׁדּוֹדִים 3
מִמָּחֳרָת וְהִנֵּה דָגוֹן נֹפֵל לְפָנָיו אַרְצָה לִפְנֵי אֲרוֹן יְהוָה
וַיִּקְחוּ אֶת־דָּגוֹן וַיָּשִׁבוּ אֹתוֹ לִמְקוֹמוֹ׃ וַיַּשְׁכִּמוּ בַבֹּקֶר 4
מִמָּחֳרָת וְהִנֵּה דָגוֹן נֹפֵל לְפָנָיו אַרְצָה לִפְנֵי אֲרוֹן יְהוָה
וְרֹאשׁ דָּגוֹן וּשְׁתֵּי ׀ כַּפּוֹת יָדָיו כְּרֻתוֹת אֶל־הַמִּפְתָּן רַק דָּגוֹן
נִשְׁאַר עָלָיו׃ עַל־כֵּן לֹא־יִדְרְכוּ כֹהֲנֵי דָגוֹן וְכָל־הַבָּאִים ה
בֵּית־דָּגוֹן עַל־מִפְתַּן דָּגוֹן בְּאַשְׁדּוֹד עַד הַיּוֹם הַזֶּה׃
וַתִּכְבַּד יַד־יְהוָה אֶל־הָאַשְׁדּוֹדִים וַיְשִׁמֵּם וַיַּךְ אֹתָם בַּעְפָלִים 6
אֶת־אַשְׁדּוֹד וְאֶת־גְּבוּלֶיהָ׃ וַיִּרְאוּ אַנְשֵׁי־אַשְׁדּוֹד כִּי־כֵן 7
וְאָמְרוּ לֹא־יֵשֵׁב אֲרוֹן אֱלֹהֵי יִשְׂרָאֵל עִמָּנוּ כִּי־קָשְׁתָה יָדוֹ
עָלֵינוּ וְעַל דָּגוֹן אֱלֹהֵינוּ׃ וַיִּשְׁלְחוּ וַיַּאַסְפוּ אֶת־כָּל־סַרְנֵי 8
פְלִשְׁתִּים אֲלֵיהֶם וַיֹּאמְרוּ מַה־נַּעֲשֶׂה לַאֲרוֹן אֱלֹהֵי יִשְׂרָאֵל
וַיֹּאמְרוּ גַּת יִסֹּב אֲרוֹן אֱלֹהֵי יִשְׂרָאֵל וַיַּסֵּבּוּ אֶת־אֲרוֹן אֱלֹהֵי
יִשְׂרָאֵל׃ וַיְהִי אַחֲרֵי ׀ הֵסַבּוּ אֹתוֹ וַתְּהִי יַד־יְהוָה בָּעִיר 9
מְהוּמָה גְּדוֹלָה מְאֹד וַיַּךְ אֶת־אַנְשֵׁי הָעִיר מִקָּטֹן וְעַד־גָּדוֹל
וַיִּשָּׂתְרוּ לָהֶם עְפָלִים׃ וַיְשַׁלְּחוּ אֶת־אֲרוֹן הָאֱלֹהִים עֶקְרוֹן י
וַיְהִי כְּבוֹא אֲרוֹן הָאֱלֹהִים עֶקְרוֹן וַיִּזְעֲקוּ הָעֶקְרֹנִים לֵאמֹר
הֵסַבּוּ אֵלַי אֶת־אֲרוֹן אֱלֹהֵי יִשְׂרָאֵל לַהֲמִיתֵנִי וְאֶת־עַמִּי׃
וַיִּשְׁלְחוּ וַיַּאַסְפוּ אֶת־כָּל־סַרְנֵי פְלִשְׁתִּים וַיֹּאמְרוּ שַׁלְּחוּ אֶת־ 11

20 אונד אין דער צייט ווען זיא איז אפגעשטארבען האבען דיא וואס זענען בייא איהר געשטאנען צו איהר געזאגט, האב ניט קיין מורא ווארין דוא האסט געוואונען א זוהן, אבער זיא האט ניט געענטפערט, אונד זיא האט עס אויך ניט צו הערצען גענומען: 21 אונד זיא האט גערופען דעם יונג אי כבוד, כדי צו זאגען אז דער כבוד איז פערטריבען געווארען פון ישראל, וועגען דעם וואס דער ארון פון גאט איז אוועקגענומען געווארען, אונד וועגען איהר שוועהר אונד איהר מאן: 22 אונד זיא האט געזאגט, דער כבוד איז פערטריבען געווארען פון ישראל, ווארין דער ארון פון גאט איז אוועקגענומען געווארען:

## קאפיטעל ה

1 אונד דיא פלשתים האבען גענומען דעם ארון פון גאט אונד זייא האבען איהם געבראכט פון אבן העזר קיין אשדוד: 2 אונד ווען דיא פלשתים האבען גענומען דעם ארון פון גאט אזוי האבען זייא איהם אריינגעבראכט אין דעם הויז פון זייער אפגאט דגון, אונד זייא האבען איהם געשטעלט נעבען דגון: 3 אונד ווען דיא אשדודים זענען אין דער פריה אויפגעשטאנען אזוי האבען זייא געזעהען אז דגון איז אנידערגעפאלען מיט זיין פנים אויף דער ערד, פאר דעם ארון פון גאט, אונד זייא האבען דגון גענומען, אונד זייא האבען איהם צוריק געשטעלט אויף זיין ארט: 4 אונד ווען זייא זענען אן דעם אנדערן מארגען פריה אויפגעשטאנען, זעה, אזוי איז דגון אנידערגעפאלען מיט זיין פנים אויף דער ערד פאר דעם ארון פון גאט, אונד דער קאפ פון דגון אונד זיינע ביידע הענד װארען אפגעשניטען אויף דער שוועל, בלויס דער פיש־טייל פון דגון איז איהם איבערגעבליבען: 5 דאריבער טרעטען ניט דיא כהנים פון דגון, אונד איטליכער וואס קומט אריין אין דעם הויז פון דגון, אויף דער שוועל פון דגון וואס איז אין אשדוד ביז צו דעם היינטיגען טאג: 6 אונד דיא האנד פון גאט איז געוועזען שווער אויף דיא לייט פון אשדוד, אונד ער האט זייא פערוויסט, אונד ער האט זייא געשלאגען מיט פייכטע בלאטערן, אין אשדוד אונד איהרע גרענעצען: 7 אונד ווען דיא לייט פון אשדוד האבען געזעהען אז עס איז אזוי, האבען זייא געזאגט, דער ארון פון דעם גאט פון ישראל זאל ניט בלייבען מיט אונס, ווארין זיינע האנד איז הארט אויף אונס, אונד אויף דגון אונזער גאט: 8 אזוי האבען זייא אהינגעשיקט אונד צו זיך פערזאמעלט אלע הארען פון דיא פלשתים, אונד זייא האבען געזאגט, וואס זאלען מיר טהון מיט דעם ארון פון דעם גאט פון ישראל? אונד זייא האבען געזאגט, לאז דער ארון פון דעם גאט פון ישראל ארומגעטראגען ווערען קיין גת; אזוי האבען זייא ארומגעטראגען דעם ארון פון דעם גאט פון ישראל: 9 אונד עס איז געוועזען נאכדעם ווען זייא האבען איהם ארומגעטראגען, אזוי איז דיא האנד פון גאט געוועזען קעגען דער שטאט, מיט א זעהר גרויסע פערטימלונג, אונד ער האט געשלאגען דיא לייט פון דער שטאט פון גרויס ביז קליין, אונד דיא פייכטע בלאטערן זענען געוועזען אויף זייא אין פערבארגענע ערטער: 10 אונד זייא האבען אוועקגעשיקט דעם ארון פון גאט קיין עקרון, אונד עס איז געוועזען, ווען דער ארון פון גאט איז אנגעקומען אין עקרון, אזוי האבען דיא לייט פון עקרון געשריען אזוי צו זאגען, זייא האבען ארומגעטראגען צו מיר דעם ארון פון דעם גאט פון ישראל, כדי מיך אונד מיין פאלק צו טייטען: 11 אונד זייא האבען אהינגעשיקט אונד פערזאמעלט אלע הארען פון דיא פלשתים, אונד זייא האבען געזאגט, שיקט אוועק דעם

ארון

אֲרוֹן אֱלֹהֵי יִשְׂרָאֵל וְיָשֹׁב לִמְקֹמוֹ וְלֹא־יָמִית אֹתִי וְאֶת־
עַמִּי כִּי־הָיְתָה מְהוּמַת־מָוֶת בְּכָל־הָעִיר כָּבְדָה מְאֹד יַד
12 הָאֱלֹהִים שָׁם׃ וְהָאֲנָשִׁים אֲשֶׁר לֹא־מֵתוּ הֻכּוּ בַּעְפֹלִים
וַתַּעַל שַׁוְעַת הָעִיר הַשָּׁמָיִם׃

ו

2 א וַיְהִי אֲרוֹן־יְהוָה בִּשְׂדֵה פְלִשְׁתִּים שִׁבְעָה חֳדָשִׁים׃ וַיִּקְרְאוּ
פְלִשְׁתִּים לַכֹּהֲנִים וְלַקֹּסְמִים לֵאמֹר מַה־נַּעֲשֶׂה לַאֲרוֹן
3 יְהוָה הוֹדִעֻנוּ בַּמָּה נְשַׁלְּחֶנּוּ לִמְקוֹמוֹ׃ וַיֹּאמְרוּ אִם־
מְשַׁלְּחִים אֶת־אֲרוֹן אֱלֹהֵי יִשְׂרָאֵל אַל־תְּשַׁלְּחוּ אֹתוֹ רֵיקָם
כִּי־הָשֵׁב תָּשִׁיבוּ לוֹ אָשָׁם אָז תֵּרָפְאוּ וְנוֹדַע לָכֶם לָמָּה
4 לֹא־תָסוּר יָדוֹ מִכֶּם׃ וַיֹּאמְרוּ מָה הָאָשָׁם אֲשֶׁר נָשִׁיב לוֹ
וַיֹּאמְרוּ מִסְפַּר סַרְנֵי פְלִשְׁתִּים חֲמִשָּׁה עָפְלֵי זָהָב וַחֲמִשָּׁה
ה עַכְבְּרֵי זָהָב כִּי־מַגֵּפָה אַחַת לְכֻלָּם וּלְסַרְנֵיכֶם׃ וַעֲשִׂיתֶם
צַלְמֵי עָפְלֵיכֶם וְצַלְמֵי עַכְבְּרֵיכֶם הַמַּשְׁחִיתִם אֶת־הָאָרֶץ
וּנְתַתֶּם לֵאלֹהֵי יִשְׂרָאֵל כָּבוֹד אוּלַי יָקֵל אֶת־יָדוֹ מֵעֲלֵיכֶם
6 וּמֵעַל אֱלֹהֵיכֶם וּמֵעַל אַרְצְכֶם׃ וְלָמָּה תְכַבְּדוּ אֶת־לְבַבְכֶם
כַּאֲשֶׁר כִּבְּדוּ מִצְרַיִם וּפַרְעֹה אֶת־לִבָּם הֲלוֹא כַּאֲשֶׁר
7 הִתְעַלֵּל בָּהֶם וַיְשַׁלְּחוּם וַיֵּלֵכוּ׃ וְעַתָּה קְחוּ וַעֲשׂוּ עֲגָלָה
חֲדָשָׁה אֶחָת וּשְׁתֵּי פָרוֹת עָלוֹת אֲשֶׁר לֹא־עָלָה עֲלֵיהֶם
עֹל וַאֲסַרְתֶּם אֶת־הַפָּרוֹת בָּעֲגָלָה וַהֲשֵׁיבֹתֶם בְּנֵיהֶם
8 מֵאַחֲרֵיהֶם הַבָּיְתָה׃ וּלְקַחְתֶּם אֶת־אֲרוֹן יְהוָה וּנְתַתֶּם
אֹתוֹ אֶל־הָעֲגָלָה וְאֵת ׀ כְּלֵי הַזָּהָב אֲשֶׁר הֲשֵׁבֹתֶם לוֹ אָשָׁם
9 תָּשִׂימוּ בָאַרְגַּז מִצִּדּוֹ וְשִׁלַּחְתֶּם אֹתוֹ וְהָלָךְ׃ וּרְאִיתֶם אִם־
דֶּרֶךְ גְּבוּלוֹ יַעֲלֶה בֵּית שֶׁמֶשׁ הוּא עָשָׂה לָנוּ אֶת־הָרָעָה
הַגְּדוֹלָה הַזֹּאת וְאִם־לֹא וְיָדַעְנוּ כִּי לֹא יָדוֹ נָגְעָה בָּנוּ מִקְרֶה
י הוּא הָיָה לָנוּ׃ וַיַּעֲשׂוּ הָאֲנָשִׁים כֵּן וַיִּקְחוּ שְׁתֵּי פָרוֹת עָלוֹת
11 וַיַּאַסְרוּם בָּעֲגָלָה וְאֶת־בְּנֵיהֶם כָּלוּ בַבָּיִת׃ וַיָּשִׂמוּ אֶת־

אָרוֹן פוּן דֶעם גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל, אוּנְד לָאז עֶר צוּרִיקְקֶעהְרֶען צוּ זַיין אָרְט, אַז אִיךְ זָאל נִיט גֶעטֶייט וֶוערֶען מִיט מֵיין פָאלְק, וָוארִין עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אַ פֶערְטִימְלוּנְג פוּן טוֹיט אִין דֶער גַאנְצֶער שְׁטָאט, דִיא הַאנְד פוּן גָאט אִיז דָארְט זֶעהְר שְׁוֶוער גֶעוֶועזֶען: 12 אוּנְד דִיא מֶענְשֶׁען וָואס זֶענֶען נִיט גֶעשְׁטָארְבֶּען, זֶענֶען גֶעשְׁלָאגֶען גֶעוָוארֶען מִיט פֵייכְטֶע בְּלַאטֶערְן, אוּנְד דָאס גֶעשְׁרֵייא פוּן דֶער שְׁטָאט אִיז אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען בִּיז צוּ דֶעם הִימֶעל:

קאפיטעל ו

1 אוּנְד דֶער אָרוֹן פוּן גָאט אִיז גֶעוֶועזֶען אִין דֶעם פֶעלְד פוּן דִיא פְּלִשְׁתִּים זִיבֶּען חֲדָשִׁים: 2 אוּנְד דִיא פְּלִשְׁתִּים הָאבֶּען גֶערוּפֶען (זֵיירֶע) כֹּהֲנִים אוּנְד כִּשּׁוּף מַאכֶערְס אוּנְד גֶעזָאגְט, וָואס זָאלֶען מִיר טְהוּן צוּ דֶעם אָרוֹן פוּן גָאט? לָאזְט אוּנְס וִויסֶען מִיט וָואס מִיר זָאלֶען אִיהְם אָפְּשִׁיקֶען צוּ זַיין אָרְט: 3 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט, וֶוען אִיהְר וִוילְט אָפְּשִׁיקֶען דֶעם אָרוֹן פוּן דֶעם גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל אַזוֹי זָאלְט אִיהְר אִיהְם נִיט לֵיידִיג אָפְּשִׁיקֶען, נֵייעֶרְט אִיהְר זָאלְט מִיט אִיהְם גֶעוִויס צוּרִיקְקֶעהְרֶען אַ קָרְבָּן אָשָׁם, דֶענְסְטְמָאל וֶועט אִיהְר גֶעהֵיילְט וֶוערֶען, אוּנְד עֶס וֶועט צוּ אֵייךְ בֶּעקַאנְט וֶוערֶען פַארְוָואס זֵיינֶע הַאנְד אִיז נִיט פוּן אֵייךְ אָפְּגֶעטְהוּן: 4 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט, וָואס זָאל זַיין דָאס קָרְבָּן אָשָׁם אַז מִיר זָאלֶען צוּ אִיהְם אוּמְקֶעהְרֶען? אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט, פִינְף גָאלְדֶענֶע בֵּיילֶען אוּנְד פִינְף גָאלְדֶענֶע מֵייז נָאךְ דֶער צָאהְל פוּן דִיא הַארֶען פוּן דִיא פְּלִשְׁתִּים, וָוארִין אֵיינֶערְלֵייא מַגֵּפָה אִיז גֶעוֶועזֶען צוּ אֵייךְ אַלֶע אוּנְד צוּ אֵיירֶע הַארֶען: 5 אוּנְד אִיהְר זָאלְט מַאכֶען בִּילְדֶער־פוּרְמֶען פוּן אֵיירֶע מֵייז וָואס הָאבֶּען פֶערְדָארְבֶּען דָאס לַאנְד, אוּנְד אִיהְר זָאלְט זֵייא גֶעבֶּען מִיט כָּבוֹד צוּ דֶעם גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל, טָאמֶער וֶועט עֶר גְרִינְג מַאכֶען זֵיינֶע הַאנְד פוּן אֵייךְ אוּנְד פוּן אֵיירֶע גֶעטֶער, אוּנְד פוּן אֵייעֶער לַאנְד: 6 אוּנְד פַארְוָואס זָאלְט אִיהְר אֵיירֶע הֶערְצֶער אַזוֹי פֶערְהַארְטֶען וִויא דִיא מִצְרַיִם אוּנְד פַּרְעֹה הָאבֶּען זֵיירֶע הֶערְצֶער פֶערְהַארְטֶעט? אִיז עֶס נִיט גֶעוֶועזֶען נָאכְדֶעם עֶר הָאט אַן זֵייא גֶעטְהוּן וְואוּנְדֶערְלִיךְ דָאס זֵייא הָאבֶּען זֵייא אַוֶועקְגֶעשִׁיקְט, אוּנְד זֵייא זֶענֶען אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען? 7 אוּנְד אַצוּנְד נֶעמְט אוּנְד מַאכְט אַ נֵייעֶן וָואגֶען, אוּנְד צְווֵייא יוּנְגֶע זֵייגֶענְדֶע קִיה, אוֹיף וֶועלְכֶע עֶס אִיז נָאךְ קֵיינְמָאל נִיט גֶעוֶועזֶען אַ יָאךְ, אוּנְד אִיהְר זָאלְט אֵיינְשְׁפַּאנֶען דִיא קִיה אִין דֶעם וָואגֶען, אוּנְד אִיהְר זָאלְט דִיא קֶעלְבֶּער הִינְטֶער זֵייא אַהֵיים בְּרֶענְגֶען: 8 אוּנְד אִיהְר זָאלְט נֶעמֶען דֶעם אָרוֹן פוּן גָאט אוּנְד אִיהְר זָאלְט אִיהְם לֵייגֶען אוֹיף דֶעם וָואגֶען, אוּנְד אַלֶע גָאלְדֶענֶע כֵּלִים וָואס אִיהְר קֶעהְרְט צוּ אִיהְם צוּרִיק אַלְס קָרְבָּן אָשָׁם זָאלְט אִיהְר אַרֵיינְלֵייגֶען אִין אַ קֶעסְטֶעל בֵּייא זֵיינֶע זֵייט, אוּנְד אִיהְר זָאלְט אִיהְם אַוֶועקְשִׁיקֶען אַז עֶר זָאל גֵייןְ: 9 אוּנְד אִיהְר זָאלְט זֶעהֶען, אוֹיבּ עֶר וֶועט אַרוֹיפְגֵיין אוֹיף דֶעם וֶועג פוּן זֵיינֶע גְרֶענֶעץ קֵיין בֵּית שֶׁמֶשׁ, אַזוֹי הָאט עֶר צוּ אוּנְס גֶעטְהוּן דָאס דָאזִיגֶע גְרוֹיסֶע שְׁלֶעכְטֶע, אוּנְד וֶוען נִיט, אַזוֹי וֶועלֶען מִיר וִויסֶען אַז זֵיינֶע הַאנְד הָאט אוּנְס נִיט גֶעשְׁלָאגֶען, נֵייעֶרְט עֶס הָאט אוּנְס אַן אוּנְגְלִיק צוּגֶעטְרָאפֶען: 10 אוּנְד דִיא מֶענֶער הָאבֶּען אַזוֹי גֶעטְהוּן, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶענוּמֶען צְווֵייא יוּנְגֶע קִיה, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זֵייא אֵיינְגֶעשְׁפַּאנְט אִין דֶעם וָואגֶען, אוּנְד זֵיירֶע קֶעלְבֶּער הָאבֶּען זֵייא אֵיינְגֶעשְׁלָאסֶען אִין דֶער הֵיים: 11 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אַרוֹיפְגֶעלֵייגְט

דעם אָרוֹן פון גָאט אויף דעם וָואגען,
אונד דאס קעסטעל מיט די גאָלדענע
מייז אונד די בילדער פון זייערע פייכטע
ביילען: 12 אונד די קיה זענען גע־
גאנגען אויף דעם גראדען וועג קיין בית
שמש, אויף איין שטעג זענען זייא
געגאנגען, אזוי וויא זייא זענען געגאנגען
האבען זייא געברימט, אונד זייא האבען
זיך ניט אפּגעקעהרט צור רעכטען אָדער
צור לינקען, אונד די הארען פון די
פלשתים זענען זייא נאכגעגאנגען ביז
צו דער גרענעץ פון בית שמש: 13 אונד
די לייט פון בית שמש האבען געשני־
טען זייער ווייץ אין דעם טהאל, אונד
ווען זייא האבען אויפגעהויבען זייערע
אויגען אזוי האבען זייא געזעהען דעם
ארון, אונד זייא האבען זיך געפרייט
איהם צו זעהען: 14 אונד דער וואגען
איז אנגעקומען צו דעם פעלד פון יהושע
אין בית שמש, אונד איז דארטען שטיין
געבליבען, אונד דארט איז געוועזען א
גרויסער שטיין, אונד זייא האבען צו־
שפאלטען דאס האלץ פון דעם וואגען,

אֲרוֹן יְהוָה אֶל־הָעֲגָלָה וְאֵת הָאַרְגַּז וְאֵת עַכְבְּרֵי הַזָּהָב
וְאֵת צַלְמֵי טְחֹרֵיהֶם׃ וַיִּשַּׁרְנָה הַפָּרוֹת בַּדֶּרֶךְ עַל־דֶּרֶךְ 12
בֵּית שֶׁמֶשׁ בִּמְסִלָּה אַחַת הָלְכוּ הָלֹךְ וְגָעוֹ וְלֹא־סָרוּ יָמִין
וּשְׂמֹאול וְסַרְנֵי פְלִשְׁתִּים הֹלְכִים אַחֲרֵיהֶם עַד־גְּבוּל בֵּית
שָׁמֶשׁ׃ וּבֵית שֶׁמֶשׁ קֹצְרִים קְצִיר־חִטִּים בָּעֵמֶק וַיִּשְׂאוּ 13
אֶת־עֵינֵיהֶם וַיִּרְאוּ אֶת־הָאָרוֹן וַיִּשְׂמְחוּ לִרְאוֹת׃ וְהָעֲגָלָה 14
בָּאָה אֶל־שְׂדֵה יְהוֹשֻׁעַ בֵּית־הַשִּׁמְשִׁי וַתַּעֲמֹד שָׁם וְשָׁם
אֶבֶן גְּדוֹלָה וַיְבַקְּעוּ אֶת־עֲצֵי הָעֲגָלָה וְאֶת־הַפָּרוֹת הֶעֱלוּ
עֹלָה לַיהוָה׃ וְהַלְוִיִּם הוֹרִידוּ ׀ אֶת־אֲרוֹן יְהוָה וְאֶת־הָאַרְגַּז טו
אֲשֶׁר־אִתּוֹ אֲשֶׁר־בּוֹ כְלֵי־זָהָב וַיָּשִׂמוּ אֶל־הָאֶבֶן הַגְּדוֹלָה
וְאַנְשֵׁי בֵית־שֶׁמֶשׁ הֶעֱלוּ עֹלוֹת וַיִּזְבְּחוּ זְבָחִים בַּיּוֹם הַהוּא
לַיהוָה׃ וַחֲמִשָּׁה סַרְנֵי־פְלִשְׁתִּים רָאוּ וַיָּשֻׁבוּ עֶקְרוֹן בַּיּוֹם 16
הַהוּא׃ וְאֵלֶּה טְחֹרֵי הַזָּהָב אֲשֶׁר הֵשִׁיבוּ פְלִשְׁתִּים 17
אָשָׁם לַיהוָה לְאַשְׁדּוֹד אֶחָד לְעַזָּה אֶחָד לְאַשְׁקְלוֹן אֶחָד
לְגַת אֶחָד לְעֶקְרוֹן אֶחָד׃ וְעַכְבְּרֵי הַזָּהָב מִסְפַּר 18
כָּל־עָרֵי פְלִשְׁתִּים לַחֲמֵשֶׁת הַסְּרָנִים מֵעִיר מִבְצָר וְעַד
כֹּפֶר הַפְּרָזִי וְעַד ׀ אָבֵל הַגְּדוֹלָה אֲשֶׁר הִנִּיחוּ עָלֶיהָ אֵת
אֲרוֹן יְהוָה עַד הַיּוֹם הַזֶּה בִּשְׂדֵה יְהוֹשֻׁעַ בֵּית־הַשִּׁמְשִׁי׃
וַיַּךְ בְּאַנְשֵׁי בֵית־שֶׁמֶשׁ כִּי רָאוּ בַּאֲרוֹן יְהוָה וַיַּךְ בָּעָם 19
שִׁבְעִים אִישׁ חֲמִשִּׁים אֶלֶף אִישׁ וַיִּתְאַבְּלוּ הָעָם כִּי־הִכָּה
יְהוָה בָּעָם מַכָּה גְדוֹלָה׃ וַיֹּאמְרוּ אַנְשֵׁי בֵית־שֶׁמֶשׁ מִי כ
יוּכַל לַעֲמֹד לִפְנֵי יְהוָה הָאֱלֹהִים הַקָּדוֹשׁ הַזֶּה וְאֶל־מִי
יַעֲלֶה מֵעָלֵינוּ׃ וַיִּשְׁלְחוּ מַלְאָכִים אֶל־יוֹשְׁבֵי קִרְיַת־ 21
יְעָרִים לֵאמֹר הֵשִׁבוּ פְלִשְׁתִּים אֶת־אֲרוֹן יְהוָה רְדוּ הַעֲלוּ
אֹתוֹ אֲלֵיכֶם׃

ז

וַיָּבֹאוּ אַנְשֵׁי ׀ קִרְיַת יְעָרִים וַיַּעֲלוּ אֶת־אֲרוֹן יְהוָה וַיָּבִאוּ א

אונד די קיה האבען זייא מקריב געוועזען אלס א קרבן עולה צו גאט: 15 אונד די
לוים האבען ארונטערגענומען דעם ארון פון גאט אונד דאס קעסטעל וואס איז דערנעבען
געוועזען אין וועלכען עס זענען געוועזען די גאלדענע כלים, אונד זייא האבען עס
געלייגט אויף דעם גרויסען שטיין, אונד די לייט פון בית שמש האבען אויפגעבראכט
קרבן עולות, אונד געשאכטען זבחים אין דעמזעלביגען טאג צו גאט: 16 אונד ווען
די פינף הארען פון די פלשתים האבען עס געזעהען אזוי האבען זייא זיך אומגע־
קעהרט קיין עקרון אן דעמזעלביגען טאג: 17 אונד דאס זענען די גאלדענע ביילען
וואס די פלשתים האבען צוריקגעקעהרט אלס א קרבן אשם צו גאט, פאר אשדוד
איינע, פאר עזה איינע, פאר אשקלון איינע, פאר גת איינע, פאר עקרון איינע:
18 אונד די גאלדענע מייז זענען געוועזען נאך דער צאהל פון אלע שטעט, פון די
פלשתים, פאר די פינף הארען, פון דער פעסטע שטאט אן ביז צו די אפענע
אונפערמויערטע שטעט, אונד ביז צו דעם גרויסען שטיין אויף וועלכען זייא האבען
דארויף געלייגט דעם ארון פון גאט; ביז צו דעם היינטיגען טאג (איז נאך דער שטיין)
אין דעם פעלד פון יהושע פון בית שמש: 19 אונד ער (גאט) האט געשלאגען
אונטער די לייט פון בית שמש, ווייל זייא האבען אריינגעקוקט אין דעם ארון פון
גאט, אונד ער האט געשלאגען פון דעם פאלק פופציג טויזענד אונד זיבציג מאן,
אונד דאס פאלק האט געטרויערט, ווייל גאט האט געשלאגען דאס פאלק מיט א
גרויסען שלאק: 20 אונד די לייט פון בית שמש האבען געזאגט, ווער קען בעשטיין
פאר דעם האר דעם דאזיגען היילינגען גאט? אונד צו וועמען פון אונס זאל ער ארויפ־
גיין? 21 אונד זייא האבען אהינגעשיקט שלוחים צו די איינוואוינער פון קרית יערים
אזוי צו זאגען, די פלשתים האבען צוריקגעבראכט דעם ארון פון גאט, קומט ארופ
אונד ברענגט איהם ארויף צו אייך:

## קאפיטעל ז

1 אונד די לייט פון קרית יערים זענען געקומען אונד זייא האבען
ארויפגעבראכט דעם ארון פון גאט, אונד זייא האבען איהם אריינגעבראכט

אֹתוֹ אֶל־בֵּית אֲבִינָדָב בַּגִּבְעָה וְאֶת־אֶלְעָזָר בְּנוֹ קִדְּשׁוּ
2 לִשְׁמֹר אֶת־אֲרוֹן יְהוָה׃ וַיְהִי מִיּוֹם שֶׁבֶת הָאָרוֹן
בְּקִרְיַת יְעָרִים וַיִּרְבּוּ הַיָּמִים וַיִּהְיוּ עֶשְׂרִים שָׁנָה וַיִּנָּהוּ כָּל־
3 בֵּית יִשְׂרָאֵל אַחֲרֵי יְהוָה׃ וַיֹּאמֶר שְׁמוּאֵל אֶל־כָּל־בֵּית
יִשְׂרָאֵל לֵאמֹר אִם־בְּכָל־לְבַבְכֶם אַתֶּם שָׁבִים אֶל־יְהוָה
הָסִירוּ אֶת־אֱלֹהֵי הַנֵּכָר מִתּוֹכְכֶם וְהָעַשְׁתָּרוֹת וְהָכִינוּ
לְבַבְכֶם אֶל־יְהוָה וְעִבְדֻהוּ לְבַדּוֹ וְיַצֵּל אֶתְכֶם מִיַּד
4 פְּלִשְׁתִּים׃ וַיָּסִירוּ בְּנֵי יִשְׂרָאֵל אֶת־הַבְּעָלִים וְאֶת־
ה הָעַשְׁתָּרֹת וַיַּעַבְדוּ אֶת־יְהוָה לְבַדּוֹ׃ וַיֹּאמֶר שְׁמוּאֵל
קִבְצוּ אֶת־כָּל־יִשְׂרָאֵל הַמִּצְפָּתָה וְאֶתְפַּלֵּל בַּעַדְכֶם אֶל־
6 יְהוָה׃ וַיִּקָּבְצוּ הַמִּצְפָּתָה וַיִּשְׁאֲבוּ־מַיִם וַיִּשְׁפְּכוּ ׀ לִפְנֵי יְהוָה
וַיָּצוּמוּ בַּיּוֹם הַהוּא וַיֹּאמְרוּ שָׁם חָטָאנוּ לַיהוָה וַיִּשְׁפֹּט
7 שְׁמוּאֵל אֶת־בְּנֵי יִשְׂרָאֵל בַּמִּצְפָּה׃ וַיִּשְׁמְעוּ פְלִשְׁתִּים כִּי־
הִתְקַבְּצוּ בְנֵי־יִשְׂרָאֵל הַמִּצְפָּתָה וַיַּעֲלוּ סַרְנֵי־פְלִשְׁתִּים אֶל־
8 יִשְׂרָאֵל וַיִּשְׁמְעוּ בְּנֵי יִשְׂרָאֵל וַיִּרְאוּ מִפְּנֵי פְלִשְׁתִּים׃ וַיֹּאמְרוּ
בְנֵי־יִשְׂרָאֵל אֶל־שְׁמוּאֵל אַל־תַּחֲרֵשׁ מִמֶּנּוּ מִזְּעֹק אֶל־
9 יְהוָה אֱלֹהֵינוּ וְיֹשִׁעֵנוּ מִיַּד פְּלִשְׁתִּים׃ וַיִּקַּח שְׁמוּאֵל טְלֵה
חָלָב אֶחָד וַיַּעֲלֵה עוֹלָה כָּלִיל לַיהוָה וַיִּזְעַק שְׁמוּאֵל אֶל־
י יְהוָה בְּעַד יִשְׂרָאֵל וַיַּעֲנֵהוּ יְהוָה׃ וַיְהִי שְׁמוּאֵל מַעֲלֶה
הָעוֹלָה וּפְלִשְׁתִּים נִגְּשׁוּ לַמִּלְחָמָה בְּיִשְׂרָאֵל וַיַּרְעֵם יְהוָה ׀
בְּקוֹל־גָּדוֹל בַּיּוֹם הַהוּא עַל־פְּלִשְׁתִּים וַיְהֻמֵּם וַיִּנָּגְפוּ לִפְנֵי
11 יִשְׂרָאֵל׃ וַיֵּצְאוּ אַנְשֵׁי יִשְׂרָאֵל מִן־הַמִּצְפָּה וַיִּרְדְּפוּ אֶת־
12 פְּלִשְׁתִּים וַיַּכּוּם עַד־מִתַּחַת לְבֵית כָּר׃ וַיִּקַּח שְׁמוּאֵל
אֶבֶן אַחַת וַיָּשֶׂם בֵּין־הַמִּצְפָּה וּבֵין הַשֵּׁן וַיִּקְרָא אֶת־שְׁמָהּ
13 אֶבֶן הָעָזֶר וַיֹּאמַר עַד־הֵנָּה עֲזָרָנוּ יְהוָה׃ וַיִּכָּנְעוּ הַפְּלִשְׁתִּים
וְלֹא־יָסְפוּ עוֹד לָבוֹא בִּגְבוּל יִשְׂרָאֵל וַתְּהִי יַד־יְהוָה
14 בַּפְּלִשְׁתִּים כֹּל יְמֵי שְׁמוּאֵל׃ וַתָּשֹׁבְנָה הֶעָרִים אֲשֶׁר

צוּ דֶעם הױז פוּן אֲבִינָדָב אִין גִבְעָה, אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶעהֵיילִיגְט זַיין זוּהְן אֶלְעָזָר צוּ הִיטֶען דֶעם אָרוֹן פוּן גָאט: 2 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען פוּן דֶעם טָאג אָן וֶוען דֶער אָרוֹן אִיז גֶעבְּלִיבֶּען אִין קִרְיַת יְעָרִים, אַזוֹי הָאבֶּען זִיךְ דִיא טֶעג פֶערְמֶעהְרְט; וָוארִין עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען צְוַואנְצִיג יָאהְר, אוּנְד דָאס גַאנְצֶע הױז יִשְׂרָאֵל הָאט גֶעקְלָאגְט נָאךְ גָאט: 3 אוּנְד שְׁמוּאֵל הָאט גֶעזָאגְט צוּ דֶעם גַאנְצֶען הױז פוּן יִשְׂרָאֵל אַזוֹי צוּ זָאגֶען, וֶוען אִיהְר ווִילְט אֵייךְ אוּמְקֶעהְרֶען מִיט אֵייעֶר גַאנְצֶען הַארְץ צוּ יְהוָֹה, אַזוֹי טְהוּט אַוֶועק פוּן צְוִוישֶׁען אֵייךְ דִיא פְרֶעמְדֶע אָפְּגֶע־טֶער אוּנְד דֶעם עַשְׁתָּרוֹת, אוּנְד בֶּערֵייטֶעט אֵיירֶע הֶערְצֶער צוּ גָאט, אוּנְד דִינְט אִיהְם אַלֵיין, אַזוֹי וֶועט עֶר אֵייךְ מַצִיל זַיין פוּן דִיא הַאנְד פוּן דִיא פְּלִשְׁתִּים: 4 אַזוֹי הָאבֶּען דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל אָפְּגֶעטְהוּן דִיא בְּעָלִים אוּנְד עַשְׁתָּרוֹת, אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶעדִינְט יְהוָֹה אַלֵיין: 5 אוּנְד שְׁמוּאֵל הָאט גֶעזָאגְט, זַאמֶעלְט אֵיין גַאנְץ יִשְׂרָאֵל קֵיין מִצְפָּה, אוּנְד אִיךְ וֶועל אֵיירֶעטְוֶועגֶען בֶּעטֶען צוּ גָאט: 6 אוּנְד זַייא זֶענֶען פֶערזַאמֶעלְט גֶעוָוארֶען קֵיין מִצְפָּה, אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶעשֶׁעפְּט וַואסֶער אוּנְד הָאבֶּען עֶס אוֹיסְגֶעגָאסֶען פָאר גָאט, אוּנְד זַייא הָאבֶּען אַן דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען טָאג גֶעפַאסְט, אוּנְד זַייא הָאבֶּען דָארְט גֶעזָאגְט, מִיר הָאבֶּען גֶעזִינְדִיגְט קֶעגֶען גָאט; אוּנְד שְׁמוּאֵל הָאט גֶעמִשְׁפָּט דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל אִין מִצְפָּה: 7 אוּנְד וֶוען דִיא פְּלִשְׁתִּים הָאבֶּען גֶעהֶערְט אַז דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל הָאבֶּען זִיךְ פֶערְזַאמֶעלְט קֵיין מִצְפָּה, אַזוֹי זֶענֶען דִיא הַארֶען פוּן דִיא פְּלִשְׁתִּים אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען קֶעגֶען יִשְׂרָאֵל; אוּנְד וֶוען דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל הָאבֶּען עֶס גֶעהֶערְט אַזוֹי הָאבֶּען זַייא מוֹרָא גֶעהַאט פָאר דִיא פְּלִשְׁתִּים: 8 אוּנְד דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל הָאבֶּען גֶעזָאגְט צוּ שְׁמוּאֵל, דוּא זָאלְסְט נִיט שְׁוַוייגֶען וֶועגֶען אוּנְס צוּ שְׁרֵייעֶן צוּ יְהוָֹה אוּנְזֶער גָאט, אַז עֶר זָאל אוּנְס הֶעלְפֶען פוּן דֶער הַאנְד פוּן דִיא פְּלִשְׁתִּים: 9 אוּנְד שְׁמוּאֵל הָאט גֶענוּמֶען אַ זֵייגֶענְדִיג לֶעמֶעלֶע, אוּנְד עֶר הָאט עֶס אִים גַאנְצֶען מַקְרִיב גֶעוֶועזֶען פַאר אַ קָרְבָּן עוֹלָה צוּ גָאט, אוּנְד שְׁמוּאֵל הָאט גֶעשְׁרִיעֶן צוּ גָאט וֶועגֶען יִשְׂרָאֵל, אוּנְד גָאט הָאט אִיהְם גֶעעֶנְטְפֶערְט: 10 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען וֶוען שְׁמוּאֵל הָאט מַקְרִיב גֶעוֶועזֶען דָאס קָרְבָּן עוֹלָה, אַזוֹי הָאבֶּען זִיךְ דִיא פְּלִשְׁתִּים גֶענֶעהְנְט צוּ דֶער מִלְחָמָה מִיט יִשְׂרָאֵל; אָבֶּער גָאט הָאט גֶעשְׁטוּרְמְט מִיט אַ גְרוֹיס קוֹל אִין דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען טָאג אִיבֶּער דִיא פְּלִשְׁתִּים, אוּנְד עֶר הָאט זַייא פֶערְטִימֶעלְט, אוּנְד זַייא זֶענֶען גֶעשְׁלָאגֶען גֶעוָוארֶען פָאר יִשְׂרָאֵל: 11 אוּנְד דִיא לֵייט פוּן יִשְׂרָאֵל זֶענֶען אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען פוּן מִצְפָּה, אוּנְד זַייא הָאבֶּען דִיא פְּלִשְׁתִּים נָאכְגֶעיָאגְט, אוּנְד זַייא הָאבֶּען זַייא גֶעשְׁלָאגֶען בִּיז הִינְטֶער בֵּית כָּר: 12 אוּנְד שְׁמוּאֵל הָאט גֶענוּמֶען אַ שְׁטֵיין אוּנְד הָאט אִיהְם גֶעלֵייגְט צְוִוישֶׁען מִצְפָּה אוּנְד צְוִוישֶׁען שֵׁן, אוּנְד עֶר הָאט דֶעם נָאמֶען דֶערְפוּן גֶערוּפֶען אֶבֶן הָעֶזֶר, וָוארִין עֶר הָאט גֶעזָאגְט, בִּיז אַהֶער הָאט אוּנְס גָאט גֶעהָאלְפֶען: 13 אוּנְד דִיא פְּלִשְׁתִּים זֶענֶען אוּנְטֶערְטֶענִיג גֶעוָוארֶען, אוּנְד זַייא זֶענֶען נִיט מֶעהְר גֶעקוּמֶען אִין דִיא גְרֶענֶעץ פוּן יִשְׂרָאֵל; אוּנְד דִיא הַאנְד פוּן גָאט אִיז גֶעוֶועזֶען קֶעגֶען דִיא פְּלִשְׁתִּים אַלֶע טֶעג פוּן שְׁמוּאֵל: 14 אוּנְד דִיא שְׁטֶעט וֶועלְכֶע

דיא

די פְּלִשְׁתִּים האָבען אָװעקגענומען פון יִשְׂרָאֵל זענען צוריקגעקעהרט געװאָרען צו יִשְׂרָאֵל, פון עֶקְרוֹן אונד ביז קיין גַּת, אונד די גרענעץ דערפון האָט יִשְׂרָאֵל מַצִּיל געװעזען פון דער האַנד פון די פְּלִשְׁתִּים, אונד עס איז געװעזען שָׁלוֹם צװישען יִשְׂרָאֵל אונד צװישען דעם אֱמֹרִי: 15 אונד שְׁמוּאֵל האָט געמִשְׁפָּט יִשְׂרָאֵל אַלע זיינע לעבענסטעג: 16 אונד ער איז אַהינגעגאַנגען פון יאָהר צו יאָהר, אונד ער האָט אַרומגערינגעלט בֵּית־אֵל, אונד גִּלְגָּל אונד מִצְפָּה, אונד ער האָט יִשְׂרָאֵל געמִשְׁפָּט אין אַלע די דאָזיגע ערטער: 17 אונד ער איז צוריקגעקעהרט קיין רָמָה, װאָרין דאָרט איז געװעזען זיין הױז, אונד דאָרט האָט ער יִשְׂרָאֵל געמִשְׁפָּט, אונד דאָרט האָט ער געבױעט אַ מִזְבֵּחַ צו גאָט:

## קאפיטעל ח

1 אונד עס איז געװעזען װען שְׁמוּאֵל איז אַלט געװאָרען, אַזױ האָט ער געמאַכט זיינע זיהן אַלס שׁוֹפְטִים איבער יִשְׂרָאֵל: 2 אונד דער נאָמען פון זיין בְּכוֹר איז געװעזען יוֹאֵל, אונד דער נאָמען פון דעם אַנדערן איז געװעזען אֲבִיָּה, זיי זענען געװעזען שׁוֹפְטִים אין בְּאֵר שֶׁבַע: 3 אָבער זיינע זיהן זענען ניט געגאַנגען אין זיינע װעגען, נייערט זיי האָבען זיך אָפּגענייגט נאָך געלד, אונד זיי האָבען גענומען שֹׁחַד, אונד האָבען אָפּגענייגט דאָס מִשְׁפָּט: 4 אונד אַלע עלטסטע פון יִשְׂרָאֵל האָבען זיך איינגעזאַמעלט אונד זענען געקומען צו שְׁמוּאֵל קיין רָמָה: 5 אונד זיי האָבען צו איהם געזאָגט, זעה, דו ביזט אַלט, אונד דיינע זיהן גייען ניט אין דיינע װעגען, אַצונד מאַך איבער אונס אַ מֶלֶךְ אַז ער זאָל אונס מִשְׁפָּט׳ן אַזױ װיא אַלע פעלקער: 6 אונד די זאַך איז ניט געפאַלען אין די אױגען פון שְׁמוּאֵל, װען זיי האָבען געזאָגט גיב איבער אונס אַ מֶלֶךְ אַז ער זאָל אונס מִשְׁפָּט׳ן, אונד שְׁמוּאֵל האָט געבעטען צו גאָט: 7 אונד גאָט האָט געזאָגט צו שְׁמוּאֵל, הער צו דעם קוֹל פון דעם פאָלק, אין אַלעם װאָס זיי זאָגען צו דיר, װאָרין זיי האָבען ניט דיך פערװאָרפען נייערט זיי האָבען מיך פערװאָרפען פון צו קעניגען איבער זיי: 8 נאָך אַלע מַעֲשִׂים װאָס זיי האָבען געטהון, פון דעם טאָג אָן װען איך האָב זיי אַרױפגעבראַכט פון מִצְרַיִם ביז צו דעם היינטיגען טאָג, אונד זיי האָבען מיך פערלאָזען אונד האָבען געדינט אַנדערע אָפּגעטער, אַזױ טהון זיי אױך צו דיר: 9 אונד אַצונד, הער זייער קוֹל, אָבער דו זאָלסט איבער זיי געװיס זיין אַן עֵדוּת, אונד זאָלסט צו זיי אָנזאָגען דאָס מִשְׁפָּט פון דעם מֶלֶךְ װאָס װעט איבער זיי רעגירען: 10 אונד שְׁמוּאֵל האָט געזאָגט אַלע װערטער פון גאָט צו דעם פאָלק, װאָס האָט פון איהם פערלאַנגט אַ מֶלֶךְ: 11 אונד ער האָט געזאָגט, דאָס װעט זיין דאָס מִשְׁפָּט פון דעם מֶלֶךְ װאָס װעט איבער אייך רעגירען, ער װעט אַװעקנעמען אייערע זיהן, אונד ער װעט זיי פאַר זיך טהון אין זיינע רייטװעגען, אונד פאַר זיינע רייטער, אונד זיי װעלען מוזען לױפען פאַר זיינע רייטװעגען: 12 אונד ער װעט זיך מאַכען אױבערשטע איבער טױזענד אונד אױבערשטע איבער פופציג, אונד צו אַקערן זיין אַקער, אונד צו שניידען זיין תְּבוּאָה, אונד צו מאַכען זיינע כְּלֵי

לְקְחוּ־פְלִשְׁתִּים מֵאֵת יִשְׂרָאֵל לְיִשְׂרָאֵל מֵעֶקְרוֹן וְעַד־
גַּת וְאֶת־גְּבוּלָן הִצִּיל יִשְׂרָאֵל מִיַּד פְּלִשְׁתִּים וַיְהִי שָׁלוֹם
בֵּין יִשְׂרָאֵל וּבֵין הָאֱמֹרִי׃ וַיִּשְׁפֹּט שְׁמוּאֵל אֶת־יִשְׂרָאֵל כֹּל טו
יְמֵי חַיָּיו׃ וְהָלַךְ מִדֵּי שָׁנָה בְּשָׁנָה וְסָבַב בֵּית־אֵל וְהַגִּלְגָּל 16
וְהַמִּצְפָּה וְשָׁפַט אֶת־יִשְׂרָאֵל אֵת כָּל־הַמְּקוֹמוֹת הָאֵלֶּה׃
וּתְשֻׁבָתוֹ הָרָמָתָה כִּי־שָׁם בֵּיתוֹ וְשָׁם שָׁפָט אֶת־יִשְׂרָאֵל 17
וַיִּבֶן־שָׁם מִזְבֵּחַ לַיהוָה׃

## ח ח

וַיְהִי כַּאֲשֶׁר זָקֵן שְׁמוּאֵל וַיָּשֶׂם אֶת־בָּנָיו שֹׁפְטִים לְיִשְׂרָאֵל׃ א
וַיְהִי שֶׁם־בְּנוֹ הַבְּכוֹר יוֹאֵל וְשֵׁם מִשְׁנֵהוּ אֲבִיָּה שֹׁפְטִים 2
בִּבְאֵר שָׁבַע׃ וְלֹא־הָלְכוּ בָנָיו בִּדְרָכָו וַיִּטּוּ אַחֲרֵי הַבָּצַע 3
וַיִּקְחוּ־שֹׁחַד וַיַּטּוּ מִשְׁפָּט׃ וַיִּתְקַבְּצוּ כֹּל זִקְנֵי יִשְׂרָאֵל 4
וַיָּבֹאוּ אֶל־שְׁמוּאֵל הָרָמָתָה׃ וַיֹּאמְרוּ אֵלָיו הִנֵּה אַתָּה זָקַנְתָּ ה
וּבָנֶיךָ לֹא הָלְכוּ בִּדְרָכֶיךָ עַתָּה שִׂימָה־לָּנוּ מֶלֶךְ לְשָׁפְטֵנוּ
כְּכָל־הַגּוֹיִם׃ וַיֵּרַע הַדָּבָר בְּעֵינֵי שְׁמוּאֵל כַּאֲשֶׁר אָמְרוּ 6
תְּנָה־לָּנוּ מֶלֶךְ לְשָׁפְטֵנוּ וַיִּתְפַּלֵּל שְׁמוּאֵל אֶל־יְהוָה׃
וַיֹּאמֶר יְהוָה אֶל־שְׁמוּאֵל שְׁמַע בְּקוֹל הָעָם לְכֹל אֲשֶׁר־ 7
יֹאמְרוּ אֵלֶיךָ כִּי לֹא אֹתְךָ מָאָסוּ כִּי־אֹתִי מָאֲסוּ מִמְּלֹךְ
עֲלֵיהֶם׃ כְּכָל־הַמַּעֲשִׂים אֲשֶׁר־עָשׂוּ מִיּוֹם הַעֲלֹתִי אוֹתָם 8
מִמִּצְרַיִם וְעַד־הַיּוֹם הַזֶּה וַיַּעַזְבֻנִי וַיַּעַבְדוּ אֱלֹהִים אֲחֵרִים
כֵּן הֵמָּה עֹשִׂים גַּם־לָךְ׃ וְעַתָּה שְׁמַע בְּקוֹלָם אַךְ כִּי־הָעֵד 9
תָּעִיד בָּהֶם וְהִגַּדְתָּ לָהֶם מִשְׁפַּט הַמֶּלֶךְ אֲשֶׁר יִמְלֹךְ עֲלֵיהֶם׃
וַיֹּאמֶר שְׁמוּאֵל אֵת כָּל־דִּבְרֵי יְהוָה אֶל־הָעָם הַשֹּׁאֲלִים י
מֵאִתּוֹ מֶלֶךְ׃ וַיֹּאמֶר זֶה יִהְיֶה מִשְׁפַּט הַמֶּלֶךְ אֲשֶׁר יִמְלֹךְ 11
עֲלֵיכֶם אֶת־בְּנֵיכֶם יִקָּח וְשָׂם לוֹ בְּמֶרְכַּבְתּוֹ וּבְפָרָשָׁיו
וְרָצוּ לִפְנֵי מֶרְכַּבְתּוֹ׃ וְלָשׂוּם לוֹ שָׂרֵי אֲלָפִים וְשָׂרֵי 12
חֲמִשִּׁים וְלַחֲרֹשׁ חֲרִישׁוֹ וְלִקְצֹר קְצִירוֹ וְלַעֲשׂוֹת כְּלֵי־

13 מלחמתו וכלי רכבו׃ ואת־בנותיכם יקח לרקחות
14 ולטבחות ולאפות׃ ואת־שדותיכם ואת־כרמיכם וזיתיכם
טו הטובים יקח ונתן לעבדיו׃ וזרעיכם וכרמיכם יעשר
16 ונתן לסריסיו ולעבדיו׃ ואת־עבדיכם ואת־שפחותיכם
ואת־בחוריכם הטובים ואת־חמוריכם יקח ועשה
17 למלאכתו׃ צאנכם יעשר ואתם תהיו־לו לעבדים׃
18 וזעקתם ביום ההוא מלפני מלככם אשר בחרתם לכם
19 ולא־יענה יהוה אתכם ביום ההוא׃ וימאנו העם לשמע
כ בקול שמואל ויאמרו לא כי אם־מלך יהיה עלינו׃ והיינו
גם־אנחנו ככל־הגוים ושפטנו מלכנו ויצא לפנינו ונלחם
21 את־מלחמתנו׃ וישמע שמואל את כל־דברי העם
22 וידברם באזני יהוה׃ ויאמר יהוה אל־שמואל שמע
בקולם והמלכת להם מלך ויאמר שמואל אל־אנשי
ישראל לכו איש לעירו׃

ט

א ויהי־איש מבן ימין ושמו קיש בן־אביאל בן־צרור בן־
2 בכורת בן־אפיח בן־איש ימיני גבור חיל׃ ולו־היה בן
ושמו שאול בחור וטוב ואין איש מבני ישראל טוב ממנו
3 משכמו ומעלה גבה מכל־העם׃ ותאבדנה האתנות
לקיש אבי שאול ויאמר קיש אל־שאול בנו קח־נא אתך
4 את־אחד מהנערים וקום לך בקש את־האתנת׃ ויעבר
בהר־אפרים ויעבר בארץ־שלשה ולא מצאו ויעברו
ה בארץ־שעלים ואין ויעבר בארץ־ימיני ולא מצאו׃ המה
באו בארץ צוף ושאול אמר לנערו אשר־עמו לכה
6 ונשובה פן־יחדל אבי מן־האתנות ודאג לנו׃ ויאמר לו
הנה־נא איש־אלהים בעיר הזאת והאיש נכבד כל
אשר־ידבר בוא יבוא עתה נלכה שם אולי יגיד לנו את־

מלחמה, אונד דיא כלים פון זיין רייט־וואגען׃ 13 אונד אייערע טעכטער וועט ער נעמען, אז זייא זאלען זיין אלס בשמים מאכערם אונד צו קעכענם אונד צו בעקערם׃ 14 אונד ער וועט אוועק־נעמען אייערע בעסטע פעלדער אונד וויינגערטען אונד ער וועט זייא געבען צו זיינע קנעכט׃ 15 אונד אייער זאמען אונד אייערע וויינגערטען וועט ער מעשר׳ן, אונד ער וועט עס געבען צו זיינע דינער אונד צו זיינע קנעכט׃ 16 אונד אייערע קנעכט אונד אייערע דינסטען אונד אייערע בעסטע בחורים, אונד אייערע אייזעל וועט ער צונעמען אונד ער וועט זייא טהון צו זיינע ארבייט׃ 17 אייערע שאף וועט ער מעשר׳ן, אבער איהר וועט זיין צו איהם אלס קנעכט׃ 18 אונד איהר וועט שרייען דעם דאזיגען טאג וועגען אייער קעניג, וואס איהר האט אייך אויסדערוויילט, אבער גאט וועט אייך ניט ענטפערן אן דעמזעלביגען טאג׃ 19 אבער דאס פאלק האט ניט געוואלט הערען צו דער שטים פון שמואל, אונד זייא האבען געזאגט, ניין; נייערט א מלך זאל איבער אונס זיין׃ 20 אונד מיר וועלען אויך זיין אזוי ווי אלע פעלקער, אונד אונזער מלך זאל אונס משפט׳ן, אונד ער זאל פאר אונס ארויסגיין אונד פאר אונס מלחמה האלטען׃ 21 אונד ווען שמואל האט געהערט אלע ווערטער פון דעם פאלק, אזוי האט ער זייא גערעדט אין דיא אויערן פון גאט׃ 22 אונד גאט האט געזאגט צו שמואל, הארך צו זייערע שטים, אונד מאך אז א מלך זאל איבער זייא רעגירען; אונד שמואל האט געזאגט צו דיא מענער פון ישראל, גייט איטליכער מאן צו זיינע שטאט׃

## קאפיטעל ט

1 אונד עס איז געוועזען א מאן אוים בנימן, אונד זיין נאמען וואר קיש זוהן פון אביאל, זוהן פון צרור, זוהן פון בכורת, זוהן פון אפיח, זוהן פון א מאן אוים בנימן, א שטארקער חיל׳ם מאן׃ 2 אונד ער האט געהאט א זוהן וואס האט געהייסען שאול, ער איז געוועזען אויסדערוויילט אונד גוט, אונד קיינער פון דיא קינדער ישראל איז געוועזען בעסער פון איהם, פון זיינע אקסעל אונד דאריבער איז ער העכער געוועזען פון דעם גאנצען פאלק׃ 3 אונד דיא אייזעל פון זיין פאטער קיש זענען פערלוירען געגאנגען, אונד קיש האט געזאגט צו זיין זוהן שאול, איך בעט דיך נעם מיט דיר איינעם פון דיא יונגען, אונד שטייא אויף אונד גייא זוך דיא אייזעל׃ 4 אונד ער איז אריבערגעגאנגען דעם בארג אפרים, אונד דורכגעגאנגען דאס לאנד שלשה, אבער ער האט זייא ניט געפונען, אונד זייא זענען אריבערגעגאנגען דאס לאנד שעלים אונד זייא זענען אויך ניט דא געוועזען, אונד ער איז אריבערגעגאנגען דאס לאנד בנימן אבער ער האט זייא ניט געפונען׃ 5 אונד ווען זייא זענען געקומען צו דעם לאנד צוף, אזוי האט שאול געזאגט צו זיין יונג וואס איז מיט איהם געוועזען, קום לאמער צוריקגיין, טאמער וועט מיין פאטער אויפהערען צו זארגען איבער דיא אייזעל אונד וועט זארגען איבער אונס׃ 6 אונד ער האט צו איהם געזאגט, זעה דאך! עס איז אין דער דאזיגער שטאט א געטליכער מאן, אונד דער מאן איז בכבוד געהאלטען, אלעם וואס ער רעדט, קומט געוויס אן, לאמער אצונד דארט אהינגיין, טאמער וועט ער אונס זאגען

אונזערן

7 דַּרְכֵּנוּ אֲשֶׁר־הָלַכְנוּ עָלֶיהָ׃ וַיֹּאמֶר שָׁאוּל לְנַעֲרוֹ וְהִנֵּה
נֵלֵךְ וּמַה־נָּבִיא לָאִישׁ כִּי הַלֶּחֶם אָזַל מִכֵּלֵינוּ וּתְשׁוּרָה
8 אֵין־לְהָבִיא לְאִישׁ הָאֱלֹהִים מָה אִתָּנוּ׃ וַיֹּסֶף הַנַּעַר לַעֲנוֹת
אֶת־שָׁאוּל וַיֹּאמֶר הִנֵּה נִמְצָא בְיָדִי רֶבַע שֶׁקֶל כָּסֶף
9 וְנָתַתִּי לְאִישׁ הָאֱלֹהִים וְהִגִּיד לָנוּ אֶת־דַּרְכֵּנוּ׃ לְפָנִים ׀
בְּיִשְׂרָאֵל כֹּה־אָמַר הָאִישׁ בְּלֶכְתּוֹ לִדְרוֹשׁ אֱלֹהִים לְכוּ
וְנֵלְכָה עַד־הָרֹאֶה כִּי לַנָּבִיא הַיּוֹם יִקָּרֵא לְפָנִים הָרֹאֶה׃
י וַיֹּאמֶר שָׁאוּל לְנַעֲרוֹ טוֹב דְּבָרְךָ לְכָה ׀ נֵלֵכָה וַיֵּלְכוּ אֶל־
11 הָעִיר אֲשֶׁר־שָׁם אִישׁ הָאֱלֹהִים׃ הֵמָּה עֹלִים בְּמַעֲלֵה
הָעִיר וְהֵמָּה מָצְאוּ נְעָרוֹת יֹצְאוֹת לִשְׁאֹב מָיִם וַיֹּאמְרוּ לָהֶן
12 הֲיֵשׁ בָּזֶה הָרֹאֶה׃ וַתַּעֲנֶינָה אוֹתָם וַתֹּאמַרְנָה יֵּשׁ הִנֵּה לְפָנֶיךָ
מַהֵר ׀ עַתָּה כִּי הַיּוֹם בָּא לָעִיר כִּי זֶבַח הַיּוֹם לָעָם בַּבָּמָה׃
13 כְּבֹאֲכֶם הָעִיר כֵּן תִּמְצְאוּן אֹתוֹ בְּטֶרֶם יַעֲלֶה הַבָּמָתָה
לֶאֱכֹל כִּי לֹא־יֹאכַל הָעָם עַד־בֹּאוֹ כִּי־הוּא יְבָרֵךְ הַזֶּבַח
אַחֲרֵי־כֵן יֹאכְלוּ הַקְּרֻאִים וְעַתָּה עֲלוּ כִּי־אֹתוֹ כְהַיּוֹם
14 תִּמְצְאוּן אֹתוֹ׃ וַיַּעֲלוּ הָעִיר הֵמָּה בָּאִים בְּתוֹךְ הָעִיר וְהִנֵּה
טו שְׁמוּאֵל יֹצֵא לִקְרָאתָם לַעֲלוֹת הַבָּמָה׃ וַיהוָה גָּלָה
16 אֶת־אֹזֶן שְׁמוּאֵל יוֹם אֶחָד לִפְנֵי בוֹא־שָׁאוּל לֵאמֹר׃ כָּעֵת ׀
מָחָר אֶשְׁלַח אֵלֶיךָ אִישׁ מֵאֶרֶץ בִּנְיָמִן וּמְשַׁחְתּוֹ לְנָגִיד
עַל־עַמִּי יִשְׂרָאֵל וְהוֹשִׁיעַ אֶת־עַמִּי מִיַּד פְּלִשְׁתִּים כִּי רָאִיתִי
17 אֶת־עַמִּי כִּי בָּאָה צַעֲקָתוֹ אֵלָי׃ וּשְׁמוּאֵל רָאָה אֶת־שָׁאוּל
וַיהוָה עָנָהוּ הִנֵּה הָאִישׁ אֲשֶׁר אָמַרְתִּי אֵלֶיךָ זֶה יַעְצֹר
18 בְּעַמִּי׃ וַיִּגַּשׁ שָׁאוּל אֶת־שְׁמוּאֵל בְּתוֹךְ הַשָּׁעַר וַיֹּאמֶר
19 הַגִּידָה־נָּא לִי אֵי־זֶה בֵּית הָרֹאֶה׃ וַיַּעַן שְׁמוּאֵל אֶת־
שָׁאוּל וַיֹּאמֶר אָנֹכִי הָרֹאֶה עֲלֵה לְפָנַי הַבָּמָה וַאֲכַלְתֶּם עִמִּי
הַיּוֹם וְשִׁלַּחְתִּיךָ בַבֹּקֶר וְכֹל אֲשֶׁר בִּלְבָבְךָ אַגִּיד לָךְ׃
כ וְלָאֲתֹנוֹת הָאֹבְדוֹת לְךָ הַיּוֹם שְׁלֹשֶׁת הַיָּמִים אַל־תָּשֶׂם
אֶת־לִבְּךָ לָהֶם כִּי נִמְצָאוּ וּלְמִי כָּל־חֶמְדַּת יִשְׂרָאֵל הֲלוֹא

אוּנְזֶערְן װעג אוֹיף װעלכֶען מִיר זָאלֶען גֵיין: 7 אוּנְד שָׁאוּל הָאט גֶעזָאגְט צוּ זַיין יוּנְג, זֶעה, װען מִיר װעלֶען אַהִינְגֵיין װָאס זָאלֶען מִיר בְּרֶענְגֶען צוּ דֶעם מַאן? װָארִין דָאס בְּרוֹיט אִיז אוֹיסְגֶעגַאנְגֶען פוּן אוּנְזֶערֶע כֵּלִים, אוּנְד מִיר הָאבֶּען קֵיין שׁוּם מַתָּנָה צוּ בְּרֶענְגֶען צוּ דֶעם מַאן, װָאס הָאבֶּען מִיר דֶען? 8 אוּנְד דֶער יוּנְג הָאט נָאכְאַמָאל שָׁאוּל גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, זֶעה עֶס גֶעפִינְט זִיךְ אִין מֵיינֶע הַאנְד אַ פִירְטֶעל שֶׁקֶל זִילְבֶּער, אוּנְד אִיךְ װעל דָאס גֶעבֶּען צוּ דֶעם גֶעטְלִיכֶען מַאן אַז עֶר זָאל אוּנְס זָאגֶען אוּנְזֶערְן װעג: 9 (עֶס אִיז פָארְצַייטֶען אַזוֹי גֶעװעזֶען אִין יִשְׂרָאֵל, אַז אֵיינֶער אִיז גֶעגַאנְגֶען גָאט צוּ פָארְשֶׁען, הָאט עֶר גֶעזָאגְט, לָאמֶער גֵיין בִּיז צוּ דֶעם זֶעהֶער, װָארִין צוּ דֶעם װָאס מֶען רוּפְט הַיינְט אַ נָבִיא אִיז פְרִיהֶער גֶערוּפֶען גֶעװָארֶען אַ (רוֹאֶה) זֶעהֶער): 10 אַזוֹי הָאט שָׁאוּל גֶעזָאגְט צוּ זַיין יוּנְג, דֵיין װָארְט אִיז גוּט, לָאמֶער גֵיין, אוּנְד זֵייא זֶענֶען אַהִינְגֶעגַאנְגֶען צוּ דֶער שְׁטָאט אַװוּ דֶער גֶעטְלִיכֶער מַאן אִיז דָארְט גֶעװעזֶען: 11 אוּנְד זֵייא זֶענֶען אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען בֵּייא דֶעם אוֹיפְגַאנְג פוּן דֶער שְׁטָאט, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אָנְגֶעטְרָאפֶען יוּנְגֶע מֶעדְלֶעךְ װָאס זֶענֶען אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען װַאסֶער צוּ שֶׁעפֶען, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, אִיז דָא פֶערְהַאנְדֶען אַ זֶעהֶער?

12 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען צוּ זֵייא גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד גֶעזָאגְט, יוֹא, זֶעה עֶר אִיז פָאר דִיר, אֵיילְט אֵייךְ אַצוּנְד, װָארִין הַיינְט אִיז עֶר אִין דִיא שְׁטָאט אַרֵיינְגֶעקוּמֶען, װָארִין הַיינְט אִיז אַ שֶׁעכְטוּנְג (פוּן קָרְבָּנוֹת) צוּ דֶעם פָאלְק אוֹיף דֶער בָּמָה: 13 װען אִיהְר װעט אַרֵיינְקוּמֶען אִין דִיא שְׁטָאט אַזוֹי װעט אִיהְר אִיהְם גֶעפִינֶען אֵיידֶער עֶר גֵייט אַרוֹיף אוֹיף דִיא בָּמָה צוּ עֶסֶען, װָארִין דָאס פָאלְק עֶסְט נִיט בִּיז עֶר קוּמְט, אוּנְד בִּיז עֶר מַאכְט אַ בְּרָכָה אִיבֶּער דֶעם זֶבַח, אוּנְד דֶערְנָאךְ עֶסֶען דִיא גֶערוּפֶענֶע, אוּנְד אַצוּנְד גֵייט אַרוֹיף װָארִין אִיהְר װעט אִיהְם הַיינְט גֶעפִינֶען: 14 אוּנְד זֵייא זֶענֶען אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען אִין דִיא שְׁטָאט, אוּנְד װען זֵייא זֶענֶען אָנְגֶעקוּמֶען אִין דֶער מִיטֶען פוּן דֶער שְׁטָאט, זֶעה, אַזוֹי אִיז שְׁמוּאֵל אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען זֵייא עֶנְטְקֶעגֶען, כְּדֵי אַרוֹיפְצוּגֵיין אוֹיף דֶער בָּמָה: 15 אוּנְד גָאט הָאט עֶס עֶנְטְפְּלֶעקְט צוּ דֶעם אוֹיעֶר פוּן שְׁמוּאֵל, אַ טָאג פְרִיהֶער אֵיידֶער שָׁאוּל אִיז אָנְגֶעקוּמֶען אַזוֹי צוּ זָאגֶען: 16 מָארְגֶען אוּם דִיזֶע צַייט װעל אִיךְ צוּ דִיר שִׁיקֶען אַ מַאן אוֹיס דֶעם לַאנְד בִּנְיָמִן, אוּנְד אִיהְם זָאלְסְט דוּא זַאלְבֶּען אַלְס אַ (נָגִיד) פִירְשְׁט אִיבֶּער מֵיין פָאלְק יִשְׂרָאֵל, אוּנְד עֶר װעט הֶעלְפֶען מֵיין פָאלְק אוֹיס דֶער הַאנְד פוּן דִיא פְּלִשְׁתִּים, װָארִין אִיךְ הָאבּ אָנְגֶעזֶעהֶען מֵיין פָאלְק, װַייל זֵייעֶר גֶעשְׁרֵייא אִיז צוּ מִיר גֶעקוּמֶען: 17 אוּנְד װען שְׁמוּאֵל הָאט גֶעזֶעהֶען שָׁאוּל אַזוֹי הָאט אִיהְם גָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט, זֶעה דֶעם מַאן פוּן װעלְכֶעם אִיךְ הָאבּ צוּ דִיר גֶעזָאגְט, דֶער דָאזִיגֶער װעט אִיבֶּער מֵיין פָאלְק גֶעװעלְטִיגֶען: 18 אוּנְד שָׁאוּל הָאט זִיךְ גֶענֶעהֶנְט צוּ שְׁמוּאֵל אִין דֶער מִיטֶען פוּן דֶעם טוֹיעֶר, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ בֶּעט דִיךְ, זָאג מִיר אַװוּ אִיז דָאס הוֹיז פוּן דֶעם זֶעהֶער? 19 אוּנְד שְׁמוּאֵל הָאט שָׁאוּל גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד גֶעזָאגְט, אִיךְ בִּין דֶער זֶעהֶער, גֵייט פָאר מִיר אַרוֹיף צוּ דֶער בָּמָה, װָארִין אִיהְר װעט מִיט מִיר הַיינְט עֶסֶען, אוּנְד אִין דֶער פְרִיה װעל אִיךְ דִיךְ אַװעקְשִׁיקֶען, אוּנְד אִיךְ װעל דִיר זָאגֶען אַלֶעס װָאס אִיז אִין דֵיין הַארְץ: 20 אוּנְד װעגֶען דֵיינֶע אֵייזֶעל װָאס זֶענֶען שׁוֹין הַיינְט דְרֵייא טֶעג פֶערְלוֹירֶען גֶעגַאנְגֶען—אוֹיף זֵייא זָאלְסְט דוּא נִיט דֵיין הַארְץ טְהוּן, װָארִין זֵייא זֶענֶען גֶעפוּנֶען גֶעװָארֶען,—אָבֶּער צוּ װעמֶען אִיז דִיא גַאנְצֶע לוּסְטִיגְקֵייט פוּן יִשְׂרָאֵל? אִיז עֶס נִיט

21 לְךָ וּלְכֹל בֵּית אָבִיךָ׃ וַיַּעַן שָׁאוּל וַיֹּאמֶר הֲלוֹא בֶן
יְמִינִי אָנֹכִי מִקְּטַנֵּי שִׁבְטֵי יִשְׂרָאֵל וּמִשְׁפַּחְתִּי הַצְּעִרָה
מִכָּל־מִשְׁפְּחוֹת שִׁבְטֵי בִנְיָמִן וְלָמָּה דִּבַּרְתָּ אֵלַי כַּדָּבָר
22 הַזֶּה׃ וַיִּקַּח שְׁמוּאֵל אֶת־שָׁאוּל וְאֶת־נַעֲרוֹ וַיְבִיאֵם לִשְׁכָּתָה
וַיִּתֵּן לָהֶם מָקוֹם בְּרֹאשׁ הַקְּרוּאִים וְהֵמָּה כִּשְׁלֹשִׁים אִישׁ׃
23 וַיֹּאמֶר שְׁמוּאֵל לַטַּבָּח תְּנָה אֶת־הַמָּנָה אֲשֶׁר נָתַתִּי לָךְ
24 אֲשֶׁר אָמַרְתִּי אֵלֶיךָ שִׂים אֹתָהּ עִמָּךְ׃ וַיָּרֶם הַטַּבָּח אֶת־
הַשּׁוֹק וְהֶעָלֶיהָ וַיָּשֶׂם ׀ לִפְנֵי שָׁאוּל וַיֹּאמֶר הִנֵּה הַנִּשְׁאָר
שִׂים־לְפָנֶיךָ אֱכֹל כִּי לַמּוֹעֵד שָׁמוּר־לְךָ לֵאמֹר הָעָם
כה קָרָאתִי וַיֹּאכַל שָׁאוּל עִם־שְׁמוּאֵל בַּיּוֹם הַהוּא׃ וַיֵּרְדוּ
26 מֵהַבָּמָה הָעִיר וַיְדַבֵּר עִם־שָׁאוּל עַל־הַגָּג׃ וַיַּשְׁכִּמוּ וַיְהִי
כַּעֲלוֹת הַשַּׁחַר וַיִּקְרָא שְׁמוּאֵל אֶל־שָׁאוּל הַגָּג לֵאמֹר
קוּמָה וַאֲשַׁלְּחֶךָּ וַיָּקָם שָׁאוּל וַיֵּצְאוּ שְׁנֵיהֶם הוּא וּשְׁמוּאֵל
27 הַחוּצָה׃ הֵמָּה יוֹרְדִים בִּקְצֵה הָעִיר וּשְׁמוּאֵל אָמַר אֶל־
שָׁאוּל אֱמֹר לַנַּעַר וְיַעֲבֹר לְפָנֵינוּ וַיַּעֲבֹר וְאַתָּה עֲמֹד כַּיּוֹם
וְאַשְׁמִיעֲךָ אֶת־דְּבַר אֱלֹהִים׃

י

א וַיִּקַּח שְׁמוּאֵל אֶת־פַּךְ הַשֶּׁמֶן וַיִּצֹק עַל־רֹאשׁוֹ וַיִּשָּׁקֵהוּ
2 וַיֹּאמֶר הֲלוֹא כִּי־מְשָׁחֲךָ יְהוָה עַל־נַחֲלָתוֹ לְנָגִיד׃ בְּלֶכְתְּךָ
הַיּוֹם מֵעִמָּדִי וּמָצָאתָ שְׁנֵי אֲנָשִׁים עִם־קְבֻרַת רָחֵל בִּגְבוּל
בִּנְיָמִן בְּצֶלְצַח וְאָמְרוּ אֵלֶיךָ נִמְצְאוּ הָאֲתֹנוֹת אֲשֶׁר הָלַכְתָּ
לְבַקֵּשׁ וְהִנֵּה נָטַשׁ אָבִיךָ אֶת־דִּבְרֵי הָאֲתֹנוֹת וְדָאַג לָכֶם
3 לֵאמֹר מָה אֶעֱשֶׂה לִבְנִי׃ וְחָלַפְתָּ מִשָּׁם וָהָלְאָה וּבָאתָ
עַד־אֵלוֹן תָּבוֹר וּמְצָאוּךָ שָּׁם שְׁלֹשָׁה אֲנָשִׁים עֹלִים אֶל־
הָאֱלֹהִים בֵּית־אֵל אֶחָד נֹשֵׂא ׀ שְׁלֹשָׁה גְדָיִים וְאֶחָד נֹשֵׂא
4 שְׁלֹשֶׁת כִּכְּרוֹת לֶחֶם וְאֶחָד נֹשֵׂא נֵבֶל־יָיִן׃ וְשָׁאֲלוּ לְךָ
ה לְשָׁלוֹם וְנָתְנוּ לְךָ שְׁתֵּי־לֶחֶם וְלָקַחְתָּ מִיָּדָם׃ אַחַר כֵּן

צו דיר אונד צו דעם גאנצען הויזגעזינד פון דיין פאטער? 21 אונד שאול האט געענטפערט אונד געזאגט, בין איך ניט פון בנימן דער קליינסטער שבט פון ישראל? אונד איז ניט מיינע משפחה דיא קליינסטע פון אלע משפחות פון בנימן? אונד פארוואס רעדסט דוא צו מיר אזוי וויא דיאזיגע רייד? 22 אונד שמואל האט גענומען שאול אונד זיין יונג אונד ער האט זייא אריינגעבראכט אין א קאמער, אונד ער האט זייא געגעבען א פלאץ צווישען דיא פארנעהמסטע פון דיא איינגעלאדענע, אונד זייא זענען געוועזען אן ערך פון דרייסיג מאן: 23 אונד שמואל האט געזאגט צו דעם קאכער, ברענג דאס חלק וואס איך האב דיר געגעבען, אונד פון וועלכעם איך האב צו דיר געזאגט, לייג עס אוועק בייא דיר: 24 אונד דער קאכער האט אויפגעהויבען דיא שולטער אונד וואס איז דארויף געוועזען, אונד ער האט עס פארגעלייגט פאר שאול; אונד ער (שמואל) האט געזאגט, זעה דאס איבערגעבליבענע! לייג עס פאר דיר אונד עס, וואריין עס איז צו דיזער צייט פאר דיר בעהאלטען געווארען, ווען איך האב געזאגט, איך האב דאס פאלק איינגעלאדען; אזוי האט שאול געגעסען מיט שמואל אן דעמזעלביגען טאג: 25 אונד ווען זייא זענען ארונטערגעקומען פון דער במה אין דיא שטאט אריין, אזוי האט ער גערעדט מיט שאול אויף דעם דאך: 26 אונד זייא זענען פריה אויפגעשטאנען, אונד עס איז געוועזען ווען דער מארגענשטערן איז אויפגעגאנגען, אזוי האט שמואל גערופען שאול'ן אויף דעם דאך, אונד ער האט געזאגט, שטייא אויף אונד איך וועל דיך אוועקשיקען, אזוי איז שאול אויפגעשטאנען, אונד זייא ביידע, ער אונד שמואל זענען ביידע אויף דער גאס ארויסגעגאנגען: 27 אונד זייא זענען ארונטערגעגאנגען אן דעם עק פון דער שטאט, אונד שמואל האט געזאגט צו שאול, זאג צו דעם יונג אז ער זאל פאר אונס אריבערגיין, אונד ער איז אריבערגעגאנגען, אונד דוא בלייב אצונד שטיין, אונד איך וועל דיך מאכען הערען דיא רייד פון גאט:

קאפיטעל י

1 אונד שמואל האט גענומען א קרוגעל אייל אונד האט עס ארויפגעגאסען אויף זיין קאפ, אונד ער האט איהם געקישט, אונד ער האט געזאגט, איז עס ניט ווייל גאט האט דיך געזאלבט אלס א פירשט איבער זיין נחלה? 2 ווען דוא וועסט היינט פון מיר אוועקגיין אזוי וועסט דוא געפינען צווייא מענער בייא רחל'ס קבר, אן דער גרענעץ פון בנימן, אין צלצח, אונד זייא וועלען צו דיר זאגען, דיא איזעל זענען געפונען געווארען וועלכע דוא ביזט געגאנגען צו זוכען, אונד זעה, דיין פאטער האט אויפגעהערט (צו זארגען) וועגען דיא איזעל, אונד ער זארגט איבער אייך אזוי צו זאגען, וואס זאל איך טהון וועגען מיין זוהן? 3 אונד ווען דוא וועסט פון דארט ווייטער גיין, אונד דוא וועסט אנקומען ביז צו דעם פלוין תבור, אזוי וועסט דוא דארט געפינען דרייא מענער וואס גייען ארויף צו גאט קיין בית־אל, איינער וועט טראגען דרייא ציגעלעך, אונד איינער וועט טראגען דרייא לייבעל ברויט, אונד איינער וועט טראגען א לאגעל וויין: 4 אונד זייא וועלען דיך גריסען מיט שלום, אונד ווען זייא וועלען דיר געבען צווייא לייבעל ברויט, אזוי זאלסט דוא זייא נעמען פון זיירע האנד: 5 אונד דערנאך

תָּבוֹא אֶל־גִּבְעַת הָאֱלֹהִים אֲשֶׁר־שָׁם נְצִבֵי פְלִשְׁתִּים
וִיהִי כְבֹאֲךָ שָׁם הָעִיר וּפָגַעְתָּ חֶבֶל נְבִאִים יֹרְדִים מֵהַבָּמָה
וְלִפְנֵיהֶם נֵבֶל וְתֹף וְחָלִיל וְכִנּוֹר וְהֵמָּה מִתְנַבְּאִים׃
6 וְצָלְחָה עָלֶיךָ רוּחַ יְהוָה וְהִתְנַבִּיתָ עִמָּם וְנֶהְפַּכְתָּ לְאִישׁ
7 אַחֵר׃ וְהָיָה כִּי תָבֹאֶינָה הָאֹתוֹת הָאֵלֶּה לָךְ עֲשֵׂה לְךָ
8 אֲשֶׁר־תִּמְצָא יָדֶךָ כִּי הָאֱלֹהִים עִמָּךְ׃ וְיָרַדְתָּ לְפָנַי הַגִּלְגָּל
וְהִנֵּה אָנֹכִי יֹרֵד אֵלֶיךָ לְהַעֲלוֹת עֹלוֹת לִזְבֹּחַ זִבְחֵי שְׁלָמִים
שִׁבְעַת יָמִים תּוֹחֵל עַד־בּוֹאִי אֵלֶיךָ וְהוֹדַעְתִּי לְךָ אֵת
9 אֲשֶׁר תַּעֲשֶׂה׃ וְהָיָה כְּהַפְנֹתוֹ שִׁכְמוֹ לָלֶכֶת מֵעִם שְׁמוּאֵל
וַיַּהֲפָךְ־לוֹ אֱלֹהִים לֵב אַחֵר וַיָּבֹאוּ כָּל־הָאֹתוֹת הָאֵלֶּה
י בַּיּוֹם הַהוּא׃ וַיָּבֹאוּ שָׁם הַגִּבְעָתָה וְהִנֵּה חֶבֶל־נְבִאִים
לִקְרָאתוֹ וַתִּצְלַח עָלָיו רוּחַ אֱלֹהִים וַיִּתְנַבֵּא בְּתוֹכָם׃
11 וַיְהִי כָּל־יוֹדְעוֹ מֵאִתְּמוֹל שִׁלְשֹׁם וַיִּרְאוּ וְהִנֵּה עִם־נְבִאִים
נִבָּא וַיֹּאמֶר הָעָם אִישׁ אֶל־רֵעֵהוּ מַה־זֶּה הָיָה לְבֶן־קִישׁ
12 הֲגַם שָׁאוּל בַּנְּבִיאִים׃ וַיַּעַן אִישׁ מִשָּׁם וַיֹּאמֶר וּמִי אֲבִיהֶם
13 עַל־כֵּן הָיְתָה לְמָשָׁל הֲגַם שָׁאוּל בַּנְּבִאִים׃ וַיְכַל
14 מֵהִתְנַבּוֹת וַיָּבֹא הַבָּמָה׃ וַיֹּאמֶר דּוֹד שָׁאוּל אֵלָיו וְאֶל־
נַעֲרוֹ אָן הֲלַכְתֶּם וַיֹּאמֶר לְבַקֵּשׁ אֶת־הָאֲתֹנוֹת וַנִּרְאֶה כִּי־
טו אַיִן וַנָּבוֹא אֶל־שְׁמוּאֵל׃ וַיֹּאמֶר דּוֹד שָׁאוּל הַגִּידָה־נָּא
16 לִי מָה־אָמַר לָכֶם שְׁמוּאֵל׃ וַיֹּאמֶר שָׁאוּל אֶל־דּוֹדוֹ הַגֵּד
הִגִּיד לָנוּ כִּי נִמְצְאוּ הָאֲתֹנוֹת וְאֶת־דְּבַר הַמְּלוּכָה לֹא־הִגִּיד
17 לוֹ אֲשֶׁר אָמַר שְׁמוּאֵל׃ וַיַּצְעֵק שְׁמוּאֵל אֶת־הָעָם
18 אֶל־יְהוָה הַמִּצְפָּה׃ וַיֹּאמֶר ׀ אֶל־בְּנֵי יִשְׂרָאֵל כֹּה־אָמַר
יְהוָה אֱלֹהֵי יִשְׂרָאֵל אָנֹכִי הֶעֱלֵיתִי אֶת־יִשְׂרָאֵל מִמִּצְרָיִם
וָאַצִּיל אֶתְכֶם מִיַּד מִצְרַיִם וּמִיַּד כָּל־הַמַּמְלָכוֹת הַלֹּחֲצִים
19 אֶתְכֶם׃ וְאַתֶּם הַיּוֹם מְאַסְתֶּם אֶת־אֱלֹהֵיכֶם אֲשֶׁר־הוּא
מוֹשִׁיעַ לָכֶם מִכָּל־רָעוֹתֵיכֶם וְצָרֹתֵיכֶם וַתֹּאמְרוּ לוֹ כִּי־

ווערסט דוא קומען צו דעם היגעל פון גאט, דארט וואו דיא פלשתים זענען אנגעשטעלט, אונד עס וועט זיין אז ווען דוא ווערסט אנקומען אין דיא שטאט, אזוי וועלען דיך בעגעגנען א חבורתה פון נביאים וואס וועלען ארופקומען פון דער במה, אונד פאר זייא וועט זיין א פידעל, אונד א פויק, אונד א פייפעל, אונד א הארף, אונד זייא וועלען נביאות זאגען: 6 אונד דער גייסט פון גאט וועט אויף דיר קומען, אונד דוא ווערסט מיט זייא נביאות זאגען, אונד דוא ווערסט איין אנדערער מענש ווערען: 7 אונד עס וועט זיין אז דיא דאזיגע צייכען וועלען צו דיר קומען, אזוי זאלסט דוא טהון וואס דיינע האנד וועט געפינען, ווארין גאט איז מיט דיר: 8 אונד דוא זאלסט ארויפגיין פאר מיר קיין גלגל, אונד זעה איך וועל צו דיר ארופקומען, מקריב צו זיין בראנד־אפפער, אונד שלאכט־אפפער, אונד פריד־אפפער, דוא זאלסט ווארטען זיבען טעג ביז איך וועל צו דיר קומען, אונד איך וועל דיר לאזען וויסען וואס דוא זאלסט טהון: 9 אונד עס איז געוועזען ווען ער האט זיך מיט זיינע שולטער אומגעקעהרט אוועק צו גיין פון שמואל, אזוי האט גאט צו איהם געגעבען איין אנדערעס הארץ, אונד אלע דיא דאזיגע צייכען זענען געקומען אן דעמזעלביגען טאג: 10 אונד ווען זייא זענען דארטען אנגעקומען אין גבעה, אונד זעה, א חבורתה פון נביאים זענען איהם ענטקעגען געקומען, אונד דער גייסט פון גאט איז איבער איהם געקומען אונד ער האט צווישען זייא נביאות געזאגט: 11 אונד עס איז געוועזען אז איטליכער וואס האט איהם פריהער געקענט, ווען זייא האבען דאס געזעהען אז ער זאגט נביאות מיט דיא נביאים, אזוי האט דאס פאלק געזאגט איינער צו דעם אנדערן, וואס איז דאס וואס איז געשעהען צו דעם זוהן פון קיש? איז דען שאול אויך צווישען דיא נביאים? 12 אונד איינער פון דארטען האט געענטפערט אונד געזאגט, אבער ווער איז זייער פאטער? דאריבער איז עס געווארען צו א משל, איז שאול אויך צווישען דיא נביאים? 13 אונד ווען ער האט אויפגעהערט נביאות צו זאגען איז ער געקומען אויף דער במה: 14 אונד שאול'ס פעטער האט צו איהם אונד צו זיין יונג געזאגט, וואו זענט איהר אהינגעגאנגען? אונד ער האט געזאגט צו זוכען דיא אייזעל, אונד ווען מיר האבען געזעהען אז זייא זענען ניט דא, אזוי זענען מיר געקומען צו שמואל: 15 אונד שאול'ס פעטער האט געזאגט, איך בעט דיך זאג מיר וואס האט שמואל אייך געזאגט? 16 אונד שאול האט געזאגט צו זיין פעטער, ער האט צו אונס געזאגט אז דיא אייזעל זענען געפונען געווארען, אבער דיא זאך פון דער מלוכה פון וועלכעס שמואל האט געזאגט, האט ער צו איהם ניט אנגעזאגט: 17 אונד שמואל האט איינגעזאמעלט דאס פאלק צו גאט קיין מצפה: 18 אונד ער האט געזאגט צו דיא קינדער ישראל, אזוי זאגט יהוה דער גאט פון ישראל, איך האב ישראל ארויפגעבראכט פון מצרים, אונד איך האב אייך מציל געוועזען אויס דער האנד מצרים'ס אונד אויס דער האנד פון איטליכען קעניגרייך וואס האט אייך אונטערדריקט: 19 אונד איהר האט היינט פערווארפען אייער גאט וואס האט אייך געהאלפען פון אלעם אייערעם שלעכטען אונד פון אייערע צרות, אונד איהר האט צו איהם געזאגט, נייערט א

מֶלֶךְ תָּשִׂים עָלֵינוּ וְעַתָּה הִתְיַצְּבוּ לִפְנֵי יְהוָה לְשִׁבְטֵיכֶם
כ וּלְאַלְפֵיכֶם׃ וַיַּקְרֵב שְׁמוּאֵל אֵת כָּל־שִׁבְטֵי יִשְׂרָאֵל וַיִּלָּכֵד
21 שֵׁבֶט בִּנְיָמִן׃ וַיַּקְרֵב אֶת־שֵׁבֶט בִּנְיָמִן לְמִשְׁפְּחֹתָו וַתִּלָּכֵד
מִשְׁפַּחַת הַמַּטְרִי וַיִּלָּכֵד שָׁאוּל בֶּן־קִישׁ וַיְבַקְשֻׁהוּ וְלֹא
22 נִמְצָא׃ וַיִּשְׁאֲלוּ־עוֹד בַּיהוָה הֲבָא עוֹד הֲלֹם אִישׁ
23 וַיֹּאמֶר יְהוָה הִנֵּה־הוּא נֶחְבָּא אֶל־הַכֵּלִים׃ וַיָּרֻצוּ וַיִּקָּחֻהוּ
מִשָּׁם וַיִּתְיַצֵּב בְּתוֹךְ הָעָם וַיִּגְבַּהּ מִכָּל־הָעָם מִשִּׁכְמוֹ
24 וָמָעְלָה׃ וַיֹּאמֶר שְׁמוּאֵל אֶל־כָּל־הָעָם הַרְּאִיתֶם אֲשֶׁר
בָּחַר־בּוֹ יְהוָה כִּי אֵין כָּמֹהוּ בְּכָל־הָעָם וַיָּרִעוּ כָל־הָעָם
כה וַיֹּאמְרוּ יְחִי הַמֶּלֶךְ׃ וַיְדַבֵּר שְׁמוּאֵל אֶל־הָעָם אֵת
מִשְׁפַּט הַמְּלֻכָה וַיִּכְתֹּב בַּסֵּפֶר וַיַּנַּח לִפְנֵי יְהוָה וַיְשַׁלַּח
26 שְׁמוּאֵל אֶת־כָּל־הָעָם אִישׁ לְבֵיתוֹ׃ וְגַם־שָׁאוּל הָלַךְ לְבֵיתוֹ
27 גִּבְעָתָה וַיֵּלְכוּ עִמּוֹ הַחַיִל אֲשֶׁר־נָגַע אֱלֹהִים בְּלִבָּם׃ וּבְנֵי
בְלִיַּעַל אָמְרוּ מַה־יֹּשִׁעֵנוּ זֶה וַיִּבְזֻהוּ וְלֹא־הֵבִיאוּ לוֹ מִנְחָה
וַיְהִי כְּמַחֲרִישׁ׃

## יא

יא

א וַיַּעַל נָחָשׁ הָעַמּוֹנִי וַיִּחַן עַל־יָבֵישׁ גִּלְעָד וַיֹּאמְרוּ כָּל־
2 אַנְשֵׁי יָבֵישׁ אֶל־נָחָשׁ כְּרָת־לָנוּ בְרִית וְנַעַבְדֶךָּ׃ וַיֹּאמֶר
אֲלֵיהֶם נָחָשׁ הָעַמּוֹנִי בְּזֹאת אֶכְרֹת לָכֶם בִּנְקוֹר לָכֶם כָּל־
3 עֵין יָמִין וְשַׂמְתִּיהָ חֶרְפָּה עַל־כָּל־יִשְׂרָאֵל׃ וַיֹּאמְרוּ אֵלָיו
זִקְנֵי יָבֵישׁ הֶרֶף לָנוּ שִׁבְעַת יָמִים וְנִשְׁלְחָה מַלְאָכִים בְּכֹל
גְּבוּל יִשְׂרָאֵל וְאִם־אֵין מוֹשִׁיעַ אֹתָנוּ וְיָצָאנוּ אֵלֶיךָ׃
4 וַיָּבֹאוּ הַמַּלְאָכִים גִּבְעַת שָׁאוּל וַיְדַבְּרוּ הַדְּבָרִים בְּאָזְנֵי
ה הָעָם וַיִּשְׂאוּ כָל־הָעָם אֶת־קוֹלָם וַיִּבְכּוּ׃ וְהִנֵּה שָׁאוּל בָּא
אַחֲרֵי הַבָּקָר מִן־הַשָּׂדֶה וַיֹּאמֶר שָׁאוּל מַה־לָּעָם כִּי יִבְכּוּ
6 וַיְסַפְּרוּ־לוֹ אֶת־דִּבְרֵי אַנְשֵׁי יָבֵישׁ׃ וַתִּצְלַח רוּחַ־אֱלֹהִים
עַל־שָׁאוּל בְּשָׁמְעוֹ אֶת־הַדְּבָרִים הָאֵלֶּה וַיִּחַר אַפּוֹ מְאֹד׃

מֶלֶךְ זָאלְסְט דוּא אִיבֶּער אוּנְס מַאכֶען, אוּנְד אַצוּנְד שְׁטֶעלְט אֵייךְ פָאר גָאט נָאךְ אֵיירֶע שְׁבָטִים אוּנְד נָאךְ אֵיירֶע טוֹיזֶענְדֶע: 20 אוּנְד שְׁמוּאֵל הָאט גֶעמַאכְט גֶענֶעהֶנֶען אַלֶע שְׁבָטִים פוּן יִשְׂרָאֵל, אוּנְד דָאס גוֹרָל אִיז גֶעפַאלֶען אוֹיף דֶעם שֵׁבֶט בִּנְיָמִן: 21 אוּנְד עֶר הָאט גֶעמַאכְט גֶענֶעהֶנֶען דֶעם שֵׁבֶט בִּנְיָמִן נָאךְ זֵיירֶע מִשְׁפָּחוֹת, אוּנְד דָאס גוֹרָל אִיז גֶעפַאלֶען אוֹיף דֶער מִשְׁפָּחָה פוּן מַטְרִי, אוּנְד עֶס הָאט גֶעטְרָאפֶען אוֹיף שָׁאוּל זוּהְן פוּן קִישׁ, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אִיהְם גֶעזוּכְט אָבֶּער מֶען הָאט אִיהְם נִיט גֶעפוּנֶען: 22 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען נָאכַאמָאל אָנְגֶעפְרֶעגְט בַּייא גָאט, אוֹיבּ דֶער מַאן וֶועט דָא אַהֶער קוּמֶען. אוּנְד גָאט הָאט גֶעזָאגְט, זֶעה עֶר הָאט זִיךְ בֶּעהַאלְטֶען צְוִוישֶׁען דִיא כֵּלִים: 23 אוּנְד זֵייא זֶענֶען גֶעלָאפֶען אוּנְד הָאבֶּען אִיהְם פוּן דָארְט גֶענוּמֶען, אוּנְד וֶוען עֶר הָאט זִיךְ גֶעשְׁטֶעלְט צְוִוישֶׁען דֶעם פָאלְק, אַזוֹי אִיז עֶר הֶעכֶער גֶעוֶועזֶען פוּן דֶעם גַאנְצֶען פָאלְק פוּן זֵיינֶע שׁוּלְטֶער אָן אוּנְד דַארִיבֶּער: 24 אוּנְד שְׁמוּאֵל הָאט גֶעזָאגְט צוּ דֶעם גַאנְצֶען פָאלְק, זֶעהְט אָן דֶעם וֶועלְכֶען גָאט הָאט אוֹיסְדֶערְוֶוייְלְט, וָוארִין עֶס אִיז נִיט דָא אַזוֹי וִויא עֶר אִין דֶעם גַאנְצֶען פָאלְק, אוּנְד דָאס גַאנְצֶע פָאלְק הָאט גֶעשְׁרִיעֶן, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט, "דֶער קֶענִיג זָאל לֶעבֶּען": 25 אוּנְד שְׁמוּאֵל הָאט גֶערֶעט צוּ דֶעם פָאלְק דָאס רֶעכְט פוּן דֶער מְלוּכָה, אוּנְד עֶר הָאט עֶס פֶערְשְׁרִיבֶּען אִין אַ בּוּךְ, אוּנְד עֶר הָאט עֶס אַנִידֶערְגֶעלֵייגְט פָאר גָאט, אוּנְד שְׁמוּאֵל הָאט דָאס גַאנְצֶע פָאלְק אַוֶועקְגֶעשִׁיקְט אִיטְלִיכֶען צוּ זֵיין הוֹיז: 26 אוּנְד שָׁאוּל אִיז אוֹיךְ אַ הֵיים גֶעגַאנְגֶען קֵיין גִבְעָה, אוּנְד עֶס אִיז מִיט אִיהְם גֶעגַאנְגֶען אַ חַיִל וָואס גָאט הָאט זֵיין הַארְץ אָנְגֶערִיהְרְט: 27 אָבֶּער דִיא שְׁלֶעכְטֶע מֶענְשֶׁען הָאבֶּען גֶעזָאגְט, וָואס וֶועט אוּנְס דֶער דָאזִיגֶער הֶעלְפֶען, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אִיהְם פֶערְשֶׁעהְמְט אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אִיהְם נִיט גֶעבְּרַאכְט אַ גֶעשֶׁענְק, אָבֶּער עֶר אִיז גֶעוֶועזֶען אַזוֹי וִויא אֵיינֶער וָואס שְׁוַויינְט:

## קאפיטעל יא

1 אוּנְד נָחָשׁ דֶער עַמּוֹנִי אִיז אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ גֶעלַאגֶערְט בַּייא יָבֵשׁ גִלְעָד, אוּנְד אַלֶע לֵייט פוּן יָבֵשׁ הָאבֶּען גֶעזָאגְט צוּ נָחָשׁ, מַאךְ מִיט אוּנְס אַ בְּרִית, אַזוֹי וֶועלֶען מִיר דִיר דִינֶען: 2 אוּנְד נָחָשׁ דֶער עַמּוֹנִי הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, דוּרְךְ דֶעם דָאזִיגֶען וֶועל אִיךְ מִיט אֵייךְ מַאכֶען אַ בְּרִית, דָאס אִיךְ וֶועל אִיטְלִיכֶען פוּן אֵייךְ אוֹיסְשְׁטֶעכֶען דָאס רֶעכְטֶע אוֹיג, אוּנְד דַאמִיט וֶועל אִיךְ טְהוּן אַ שַׁאנְד אוֹיף גַאנְץ יִשְׂרָאֵל: 3 אוּנְד דִיא עֶלְצְטֶע פוּן יָבֵשׁ הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, גֶעבּ צוּ אוּנְס זִיבֶּען טֶעג אַז מִיר זָאלֶען אַהִינְשִׁיקֶען שְׁלוּחִים אִין אַלֶע גְרֶענְעצֶען פוּן יִשְׂרָאֵל, אוּנְד וֶוען עֶס וֶועט אוּנְס קֵיינֶער נִיט הֶעלְפֶען אַזוֹי וֶועלֶען מִיר צוּ דִיר אַרוֹיסְגֵיין: 4 אוּנְד דִיא שְׁלוּחִים זֶענֶען אָנְגֶעקוּמֶען אִין גִבְעַת שָׁאוּל, אוּנְד וֶוען זֵייא הָאבֶּען גֶערֶעט דִיזֶע וֶוערְטֶער אִין דִיא אוֹירֶען פוּן דֶעם פָאלְק אַזוֹי הָאט דָאס גַאנְצֶע פָאלְק אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען זֵייעֶר קוֹל אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעוֵויינְט: 5 אוּנְד זֶעה, שָׁאוּל אִיז גֶעקוּמֶען הִינְטֶער דִיא רִינְדֶער פוּן דֶעם פֶעלְד, אוּנְד שָׁאוּל הָאט גֶעזָאגְט, וָואס אִיז דֶערְמֶעהְר מִיט דֶעם פָאלְק אַז זֵייא וֵויינֶען, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען צוּ אִיהְם דֶערְצֵיילְט דִיא וֶוערְטֶער פוּן דִיא לֵייט פוּן יָבֵשׁ: 6 אוּנְד דֶער גֵייסְט פוּן גָאט אִיז גֶעקוּמֶען אִיבֶּער שָׁאוּל וֶוען עֶר הָאט גֶעהֶערְט דִיא דָאזִיגֶע וֶוערְטֶער, אַזוֹי הָאט זִיךְ זֵיין צָארְן דֶערְגְרִימְט:

אונד

7 אונד ער האָט גענומען אַ פּאָר רינדער, אונד ער האָט זייא צערשניטען, אונד ער האָט זייא אַהינגעשיקט דורך דיא שלוחים אין אַלע גרענעצען פון ישׂראל, אַזוֹי צוּ זאָגען, ווער עס וועט ניט אַרויסגיין הינטער שאָול אונד הינטער שמואל, זאָל אַזוֹי געטהון ווערען צוּ זיינע רינדער. אונד דיא פורכט פון גאָט איז געפאַלען איבּער דעם פאָלק, אונד זייא זענען אַרויסגעגאַנגען אַזוֹי וויא איין מאַן: 8 אונד ער האָט זייא געצייֶלט אין בּזק, אונד דיא קינדער ישׂראל זענען געוועזען דרייא הונדערט טויזענד, אונד דיא מענער פון יהודה דרייסיג טויזענד: 9 אונד זייא האָבען געזאָגט צוּ דיא שלוחים וואָס זענען געקומען, אַזוֹי זאָלט איהר זאָגען צוּ דיא לייט פון יבֵיש גלעד, מאָרגען ווען דיא זון וועט זיך דערהיצען וועט צוּ אייך זיין אַ הילף, אונד דיא שלוחים זענען געקומען אונד האָבען עס אָנגעזאָגט צוּ דיא לייט פון יבֵיש, אונד זייא האָבען זיך געפרייט: 10 אַזוֹי האָבען דיא לייט פון יבֵיש געזאָגט, מאָרגען, וועלען מיר צוּ אייך אַרויסגיין אונד איהר זאָלט צוּ אונס טהון אַלעס וואָס וועט אייך וואוילגעפעלען: 11 אונד עס איז געוועזען אַם מאָרגען, אַזוֹי האָט שאָול געמאַכט דאָס פאָלק אין דרייא טיילען, אונד זייא זענען געקומען אין דער מיטען פון דער מחנה אין דער מאָרגען וואַך, אונד זייא האָבען עמון געשלאָגען ביז דער טאָג איז הייס געוואָרען, אונד עס איז געוועזען ווען דיא וואָס זענען איבּערגעבּליבּען זענען צושפּרייט געוואָרען, אַזוֹי איז ניט איבּערגעבּליבּען פון זייא צווייא צוזאַמען: 12 אונד דאָס פאָלק האָט געזאָגט צוּ שמואל, ווער איז דער וואָס האָט געזאָגט, זאָל שאָול איבּער אונס רעגירען? בּרענגט דיא מענער אַהער אַז מיר זאָלען זייא טייטען: 13 אונד שאָול האָט געזאָגט, עס זאָל קיינער געטייט ווערען דעם היינטיגען טאָג, וואָרין היינט האָט גאָט געטהון אַ הילף אין ישׂראל: 14 אונד שמואל האָט געזאָגט צוּ דעם פאָלק, קומט אונד לאָזט אונס גיין קיין גלגל, אונד לאָמער דאָרטען בּעניֵיען דיא מלוכה: 15 אונד דאָס גאַנצע פאָלק איז אַהינגעגאַנגען קיין גלגל, אונד זייא האָבען דאָרטען דעם שאָול געקרוינט פאַר גאָט אין גלגל, אונד זייא האָבען דאָרטען געשאָכטען שלאַכט־אָפּפער אונד פריד־אָפּפער פאַר גאָט; אונד שאָול אונד אַלע לייט פון ישׂראל האָבען זיך דאָרטען זעהר געפרייעט:

קאפיטעל יב

1 אונד שמואל האָט געזאָגט צוּ גאַנץ ישׂראל, זעהט, איך האָב געהערט אייער קול צוּ אַלעס וואָס איהר האָט צוּ מיר געזאָגט, אונד איך האָב איבּער אייך געקרוינט אַ מלך: 2 אונד אַצונד זעהט, דער מלך וועט גיין פאַר אייך, אונד איך בּין אַלט אונד גרייז, אונד מיינע זיהן זענען מיט אייך, אונד איך בּין פאַר אייך געגאַנגען פון מיינע יוגענד אָן ביז צוּ דעם היינטיגען טאָג: 3 זעהט, היער בּין איך, זאָגט אויף מיר עדות פאַר גאָט אונד פאַר זיין געזאַלבּטען, וועמעס אָקס האָב איך גענומען? אונד וועמען האָב איך בּערויבּט? אונד וועמען האָב איך אונטערדריקט? אונד פון וועמענס האַנד האָב איך גענומען אַן אויסלייזונג אונד האָב פון איהם בּעהאַלטען מיין אויג? אונד איך וועל עס צוריקגעבּען! 4 אונד זייא האָבען געזאָגט,

וַיִּקַּח צֶמֶד בָּקָר וַיְנַתְּחֵהוּ וַיְשַׁלַּח בְּכָל־גְּבוּל יִשְׂרָאֵל 7
בְּיַד הַמַּלְאָכִים ׀ לֵאמֹר אֲשֶׁר אֵינֶנּוּ יֹצֵא אַחֲרֵי שָׁאוּל
וְאַחַר שְׁמוּאֵל כֹּה יֵעָשֶׂה לִבְקָרוֹ וַיִּפֹּל פַּחַד־יְהוָה עַל־
הָעָם וַיֵּצְאוּ כְּאִישׁ אֶחָד׃ וַיִּפְקְדֵם בְּבָזֶק וַיִּהְיוּ בְנֵי־יִשְׂרָאֵל 8
שְׁלֹשׁ מֵאוֹת אֶלֶף וְאִישׁ יְהוּדָה שְׁלֹשִׁים אָלֶף׃ וַיֹּאמְרוּ 9
לַמַּלְאָכִים הַבָּאִים כֹּה תֹאמְרוּן לְאִישׁ יָבֵישׁ גִּלְעָד מָחָר
תִּהְיֶה־לָכֶם תְּשׁוּעָה בְּחֹם הַשָּׁמֶשׁ וַיָּבֹאוּ הַמַּלְאָכִים וַיַּגִּידוּ
לְאַנְשֵׁי יָבֵישׁ וַיִּשְׂמָחוּ׃ וַיֹּאמְרוּ אַנְשֵׁי יָבֵישׁ מָחָר נֵצֵא י
אֲלֵיכֶם וַעֲשִׂיתֶם לָּנוּ כְּכָל־הַטּוֹב בְּעֵינֵיכֶם׃ וַיְהִי מִמָּחֳרָת 11
וַיָּשֶׂם שָׁאוּל אֶת־הָעָם שְׁלֹשָׁה רָאשִׁים וַיָּבֹאוּ בְתוֹךְ־
הַמַּחֲנֶה בְּאַשְׁמֹרֶת הַבֹּקֶר וַיַּכּוּ אֶת־עַמּוֹן עַד־חֹם הַיּוֹם וַיְהִי
הַנִּשְׁאָרִים וַיָּפֻצוּ וְלֹא נִשְׁאֲרוּ־בָם שְׁנַיִם יָחַד׃ וַיֹּאמֶר הָעָם 12
אֶל־שְׁמוּאֵל מִי הָאֹמֵר שָׁאוּל יִמְלֹךְ עָלֵינוּ תְּנוּ הָאֲנָשִׁים
וּנְמִיתֵם׃ וַיֹּאמֶר שָׁאוּל לֹא־יוּמַת אִישׁ בַּיּוֹם הַזֶּה כִּי הַיּוֹם 13
עָשָׂה־יְהוָה תְּשׁוּעָה בְּיִשְׂרָאֵל׃ וַיֹּאמֶר שְׁמוּאֵל אֶל־ 14
הָעָם לְכוּ וְנֵלְכָה הַגִּלְגָּל וּנְחַדֵּשׁ שָׁם הַמְּלוּכָה׃ וַיֵּלְכוּ כָל־ טו
הָעָם הַגִּלְגָּל וַיַּמְלִכוּ שָׁם אֶת־שָׁאוּל לִפְנֵי יְהוָה בַּגִּלְגָּל
וַיִּזְבְּחוּ־שָׁם זְבָחִים שְׁלָמִים לִפְנֵי יְהוָה וַיִּשְׂמַח שָׁם שָׁאוּל
וְכָל־אַנְשֵׁי יִשְׂרָאֵל עַד־מְאֹד׃

יב יב

וַיֹּאמֶר שְׁמוּאֵל אֶל־כָּל־יִשְׂרָאֵל הִנֵּה שָׁמַעְתִּי בְקֹלְכֶם לְכֹל א
אֲשֶׁר־אֲמַרְתֶּם לִי וָאַמְלִיךְ עֲלֵיכֶם מֶלֶךְ׃ וְעַתָּה הִנֵּה 2
הַמֶּלֶךְ ׀ מִתְהַלֵּךְ לִפְנֵיכֶם וַאֲנִי זָקַנְתִּי וָשַׂבְתִּי וּבָנַי הִנָּם
אִתְּכֶם וַאֲנִי הִתְהַלַּכְתִּי לִפְנֵיכֶם מִנְּעֻרַי עַד־הַיּוֹם הַזֶּה׃
הִנְנִי עֲנוּ בִי נֶגֶד יְהוָה וְנֶגֶד מְשִׁיחוֹ אֶת־שׁוֹר ׀ מִי לָקַחְתִּי 3
וַחֲמוֹר מִי לָקַחְתִּי וְאֶת־מִי עָשַׁקְתִּי אֶת־מִי רַצּוֹתִי וּמִיַּד־
מִי לָקַחְתִּי כֹפֶר וְאַעְלִים עֵינַי בּוֹ וְאָשִׁיב לָכֶם׃ וַיֹּאמְרוּ 4

לֹא עֲשַׁקְתָּנוּ וְלֹא רַצּוֹתָנוּ וְלֹא־לָקַחְתָּ מִיַּד־אִישׁ מְאוּמָה׃
ה וַיֹּאמֶר אֲלֵיהֶם עֵד יְהוָה בָּכֶם וְעֵד מְשִׁיחוֹ הַיּוֹם הַזֶּה
6 כִּי לֹא מְצָאתֶם בְּיָדִי מְאוּמָה וַיֹּאמֶר עֵד׃ וַיֹּאמֶר שְׁמוּאֵל
אֶל־הָעָם יְהוָה אֲשֶׁר עָשָׂה אֶת־מֹשֶׁה וְאֶת־אַהֲרֹן וַאֲשֶׁר
7 הֶעֱלָה אֶת־אֲבוֹתֵיכֶם מֵאֶרֶץ מִצְרָיִם׃ וְעַתָּה הִתְיַצְּבוּ
וְאִשָּׁפְטָה אִתְּכֶם לִפְנֵי יְהוָה אֵת כָּל־צִדְקוֹת יְהוָה אֲשֶׁר־
8 עָשָׂה אִתְּכֶם וְאֶת־אֲבוֹתֵיכֶם׃ כַּאֲשֶׁר־בָּא יַעֲקֹב מִצְרָיִם
וַיִּזְעֲקוּ אֲבֹתֵיכֶם אֶל־יְהוָה וַיִּשְׁלַח יְהוָה אֶת־מֹשֶׁה וְאֶת־
אַהֲרֹן וַיּוֹצִיאוּ אֶת־אֲבֹתֵיכֶם מִמִּצְרַיִם וַיֹּשִׁבוּם בַּמָּקוֹם
9 הַזֶּה׃ וַיִּשְׁכְּחוּ אֶת־יְהוָה אֱלֹהֵיהֶם וַיִּמְכֹּר אֹתָם בְּיַד
סִיסְרָא שַׂר־צְבָא חָצוֹר וּבְיַד־פְּלִשְׁתִּים וּבְיַד מֶלֶךְ מוֹאָב
י וַיִּלָּחֲמוּ בָּם׃ וַיִּזְעֲקוּ אֶל־יְהוָה וַיֹּאמֶר חָטָאנוּ כִּי עָזַבְנוּ
אֶת־יְהוָה וַנַּעֲבֹד אֶת־הַבְּעָלִים וְאֶת־הָעַשְׁתָּרוֹת וְעַתָּה
11 הַצִּילֵנוּ מִיַּד אֹיְבֵינוּ וְנַעַבְדֶךָּ׃ וַיִּשְׁלַח יְהוָה אֶת־יְרֻבַּעַל
וְאֶת־בְּדָן וְאֶת־יִפְתָּח וְאֶת־שְׁמוּאֵל וַיַּצֵּל אֶתְכֶם מִיַּד
12 אֹיְבֵיכֶם מִסָּבִיב וַתֵּשְׁבוּ בֶּטַח׃ וַתִּרְאוּ כִּי נָחָשׁ מֶלֶךְ בְּנֵי־
עַמּוֹן בָּא עֲלֵיכֶם וַתֹּאמְרוּ לִי לֹא כִּי־מֶלֶךְ יִמְלֹךְ עָלֵינוּ
13 וַיהוָה אֱלֹהֵיכֶם מַלְכְּכֶם׃ וְעַתָּה הִנֵּה הַמֶּלֶךְ אֲשֶׁר
בְּחַרְתֶּם אֲשֶׁר שְׁאֶלְתֶּם וְהִנֵּה נָתַן יְהוָה עֲלֵיכֶם מֶלֶךְ׃
14 אִם־תִּירְאוּ אֶת־יְהוָה וַעֲבַדְתֶּם אֹתוֹ וּשְׁמַעְתֶּם בְּקוֹלוֹ וְלֹא
תַמְרוּ אֶת־פִּי יְהוָה וִהְיִתֶם גַּם־אַתֶּם וְגַם־הַמֶּלֶךְ אֲשֶׁר־
טו מָלַךְ עֲלֵיכֶם אַחַר יְהוָה אֱלֹהֵיכֶם׃ וְאִם־לֹא תִשְׁמְעוּ בְּקוֹל
יְהוָה וּמְרִיתֶם אֶת־פִּי יְהוָה וְהָיְתָה יַד־יְהוָה בָּכֶם
16 וּבַאֲבֹתֵיכֶם׃ גַּם־עַתָּה הִתְיַצְּבוּ וּרְאוּ אֶת־הַדָּבָר הַגָּדוֹל
17 הַזֶּה אֲשֶׁר יְהוָה עֹשֶׂה לְעֵינֵיכֶם׃ הֲלוֹא קְצִיר־חִטִּים
הַיּוֹם אֶקְרָא אֶל־יְהוָה וְיִתֵּן קֹלוֹת וּמָטָר וּדְעוּ וּרְאוּ כִּי־
רָעַתְכֶם רַבָּה אֲשֶׁר עֲשִׂיתֶם בְּעֵינֵי יְהוָה לִשְׁאוֹל לָכֶם

דוּא הָאסְט אוּנְס נִיט בֶּערוֹיבְּט, אוּנְד דוּא הָאסְט אוּנְס נִיט אוּנְטֶערְדְרִיקְט, אוּנְד דוּא הָאסְט אוֹיךְ גָארְנִיט גֶענוּמֶען פוּן קֵיינֶעמְ׳ס הַאנְד! 5 אוּנְד עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, גָאט אִיז קֶעגֶען אֵייךְ עֵדוּת, אוּנְד זֵיין גֶעזַאלְבְּטֶער אִיז דֶעם הַיינְטִיגֶען טָאג עֵדוּת, דָאס אִיהְר הָאט גָארְנִיט אִין מֵיינֶע הַאנְד גֶעפוּנֶען, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט, עֶר אִיז עֵדוּת׃ 6 אוּנְד שְׁמוּאֵל הָאט גֶעזָאגְט צוּ דֶעם פָאלְק, עֶס אִיז גָאט וָואס הָאט אָנְגֶעשְׁטֶעלְט מֹשֶׁה אוּנְד אַהֲרֹן, אוּנְד וָואס הָאט אַרוֹיפְגֶעבְּרַאכְט אֵיירֶע אָבוֹת פוּן דֶעם לַאנְד מִצְרַיִם׃ 7 אוּנְד אַצוּנְד שְׁטֶעלְט אֵייךְ אַהֶער, אוּנְד אִיךְ וֶועל מִיךְ מִיט אֵייךְ רִיכְטֶען פָאר גָאט וֶועגֶען אַלֶע גֶערֶעכְטִיגְקֵייט פוּן גָאט, וָואס עֶר הָאט גֶעטְהוּן צוּ אֵייךְ אוּנְד צוּ אֵיירֶע עֶלְטֶערְן׃ 8 וֶוען יַעֲקֹב אִיז גֶעקוּמֶען קֵיין מִצְרַיִם, אוּנְד אֵיירֶע אָבוֹת הָאבֶּען גֶעשְׁרִיעֶן צוּ גָאט, אַזוֹי הָאט גָאט גֶעשִׁיקְט מֹשֶׁה אוּנְד אַהֲרֹן אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אֵיירֶע עֶלְטֶערְן אַרוֹיסְגֶעבְּרַאכְט אוֹיס מִצְרַיִם, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זֵייא בֶּעזֶעצְט אִין דֶעם דָאזִיגֶען אָרְט׃ 9 אוּנְד וֶוען זֵייא הָאבֶּען פֶערְגֶעסֶען דֶעם הַאר זֵייעֶר גָאט, אַזוֹי הָאט עֶר זֵייא אִיבֶּערְגֶעעֶנְטְפֶערְט אִין דִיא הַאנְד פוּן סִיסְרָא, אוֹיבֶּערְשְׁטֶער פוּן דֶעם חַיִל פוּן חָצוֹר, אוּנְד אִין דִיא הַאנְד פוּן דִיא פְּלִשְׁתִּים, אוּנְד אִין דִיא הַאנְד פוּן דֶעם מֶלֶךְ פוּן מוֹאָב, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען מִיט זֵייא מִלְחָמָה גֶעהַאלְטֶען׃ 10 אוּנְד וֶוען זֵייא הָאבֶּען גֶעשְׁרִיעֶן צוּ גָאט, אוּנְד הָאבֶּען גֶעזָאגְט, מִיר הָאבֶּען גֶעזִינְדִיגְט, ווייל מִיר הָאבֶּען פֶערְלָאזֶען גָאט, אוּנְד הָאבֶּען גֶעדִינְט דֶעם בְּעָלִים אוּנְד עַשְׁתָּרוֹת; אוּנְד אַצוּנְד זֵייא אוּנְס מַצִּיל פוּן דִיא הַאנְד פוּן אוּנְזֶערֶע פֵיינְד אוּנְד מִיר וֶועלֶען דִיר דִינֶען׃ 11 אַזוֹי הָאט גָאט גֶעשִׁיקְט יְרֻבַּעַל, אוּנְד בְּדָן, אוּנְד יִפְתָּח, אוּנְד שְׁמוּאֵל אוּנְד עֶר הָאט אֵייךְ מַצִּיל גֶעוֶועזֶען פוּן דִיא הַאנְד פוּן אֵיירֶע פֵיינְד אַרִינְגְס אַרוּם, אוּנְד אִיהְר הָאט גֶעוְואוֹינְט אִין זִיכֶערְהֵייט׃ 12 אוּנְד וֶוען אִיהְר הָאט גֶעזֶעהֶען אַז נָחָשׁ, דֶער מֶלֶךְ פוּן דִיא קִינְדֶער עַמּוֹן אִיז קֶעגֶען אֵייךְ גֶעקוּמֶען, אַזוֹי הָאט אִיהְר צוּ מִיר גֶעזָאגְט, נֵיין! נֵייעֶרְט אַ מֶלֶךְ זָאל אִיבֶּער אוּנְס רֶעגִירֶען, וֶוען יְהוָֹה אֵייעֶר גָאט אִיז גֶעוֶועזֶען אֵייעֶר קֶענִיג׃ 13 אוּנְד אַצוּנְד, זֶעהְט דֶעם מֶלֶךְ וָואס אִיהְר הָאט אֵייךְ אוֹיסְדֶערְוֶוועהְלְט, אוּנְד וָואס אִיהְר הָאט פֶערְלַאנְגְט! אוּנְד זֶעהְט גָאט הָאט אִיבֶּער אֵייךְ גֶעגֶעבֶּען אַ מֶלֶךְ׃ 14 אוֹיבּ אִיהְר וֶועט גָאט פָארְכְטֶען, אוּנְד אִיהְר וֶועט אִיהְם דִינֶען, אוּנְד גֶעהָארְכֶען צוּ זֵיינֶע שְׁטִים, אוּנְד אִיהְר וֶועט נִיט ווידֶערְשְׁפֶּענִיגֶען קֶעגֶען דֶעם בֶּעפֶעהְל פוּן יְהוָֹה, אַזוֹי וֶועט אִיהְר אוּנְד אוֹיךְ דֶער מֶלֶךְ וָואס רֶעגִירְט אִיבֶּער אֵייךְ בְּלֵייבֶּען, וֶוען אִיהְר וֶועט נָאכְפָאלְגֶען יְהוָֹה אֵייעֶר גָאט׃ 15 אָבֶּער וֶוען אִיהְר וֶועט נִיט גֶעהָארְכֶען צוּ דֶעם קוֹל פוּן יְהוָֹה, אוּנְד אִיהְר וֶועט ווידֶערְשְׁפֶּענִיגֶען קֶעגֶען דֶעם בֶּעפֶעהְל פוּן יְהוָֹה, אַזוֹי וֶועט דִיא הַאנְד פוּן יְהוָֹה זֵיין קֶעגֶען אֵייךְ אוּנְד קֶעגֶען אֵיירֶע עֶלְטֶערְן׃ 16 אוּנְד אַצוּנְד שְׁטֶעלְט אֵייךְ אַנִידֶער אוּנְד זֶעהְט דִיא דָאזִיגֶע גְרוֹיסֶע זַאךְ, וָואס גָאט וֶועט טְהוּן פָאר אֵיירֶע אוֹיגֶען׃ 17 אִיז נִיט הַיינְט דֶער שְׁנִיט פוּן ווייץ? אִיךְ וֶועל צוּ גָאט רוּפֶען, אוּנְד עֶר וֶועט גֶעבֶּען דוּנֶער אוּנְד רֶעגֶען; אַז אִיהְר זָאלְט דֶערְקֶענֶען אוּנְד זֶעהֶען אַז אֵיירֶע שְׁלֶעכְטִיגְקֵייט אִיז גְרוֹיס וָואס אִיהְר הָאט גֶעטְהוּן אִין דִיא אוֹיגֶען פוּן גָאט דָאס אִיהְר הָאט פַאר אֵייךְ פֶערְלַאנְגְט

אַ מֶלֶך: 18 אונד שמואל האט גערופען
צו גאט, אונד גאט האט געגעבען דונער
אונד רעגען אין דעמזעלביגען טאג,
אונד דאס גאנצע פאלק האט זעהר
מורא געהאט פאר גאט אונד שמואל:
19 אונד דאס גאנצע פאלק האט געזאגט
צו שמואל, בעט פאר דיינע קנעכט צו
יהוה דיין גאט אז מיר זאלען ניט
שטארבען, וואָרין מיר האבען געמעהרט
איבער אלע אונזערע זינד דאס שלעכטע,
פאר אונס צו פערלאנגען אַ מלך:
20 אונד שמואל האט געזאגט צו דעם
פאלק, האט קיין מורא, איהר האט
געטהון דאס דאזיגע שלעכטע; אבער
קעהרט שוין ניט ווייטער אפּ פון יהוה,
נייערט דינט יהוה מיט אייערע גאנצע
הערצער: 21 אונד איהר זאלט ניט
אפּקעהרען, וואָרין (ווען אנדערשט) איהר
וועט נאכגיין וויסטע זאכען וואס טויגען
ניט, אונד וואס קענען אייך ניט מציל
זיין, ווייל זייא זענען וויסט: 22 וואָרין
גאט וועט ניט פערלאזען זיין פאלק פון
וועגען זיין גרויסען נאמענ׳ס וועגען, ווייל גאט האט אייך געוואלט מאכען צו זיך
פאר אַ פאלק: 23 אויך פון מיר זאל עס זיין פערמיטען (חלילה) אז איך זאל
זינדיגען קעגען גאט, אונד אויפצוהערען פון אייערעטוועגען צו בעטען, נייערט איך
וועל אייך לערנען דעם גוטען אונד רעכטפארטיגען וועג: 24 נייערט פארכט גאט,
אונד דינט איהם מיט וואהרהייט, אונד מיט אייער גאנצען הארץ, וואָרין זעהט וואס
פאר גרויסעס ער האט מיט אייך געטהון: 25 אבער ווען איהר וועט געווים שלעכטעס
טהון אזוי וועט איהר אונד אויך אייער מלך פערטילגט ווערען:

18 מֶלֶךְ: וַיִּקְרָא שְׁמוּאֵל אֶל־יְהוָה וַיִּתֵּן יְהוָה קֹלֹת וּמָטָר
בַּיּוֹם הַהוּא וַיִּירָא כָל־הָעָם מְאֹד אֶת־יְהוָה וְאֶת־שְׁמוּאֵל:
19 וַיֹּאמְרוּ כָל־הָעָם אֶל־שְׁמוּאֵל הִתְפַּלֵּל בְּעַד־עֲבָדֶיךָ אֶל־
יְהוָה אֱלֹהֶיךָ וְאַל־נָמוּת כִּי־יָסַפְנוּ עַל־כָּל־חַטֹּאתֵינוּ רָעָה
כ לִשְׁאֹל לָנוּ מֶלֶךְ: וַיֹּאמֶר שְׁמוּאֵל אֶל־הָעָם אַל־תִּירָאוּ
אַתֶּם עֲשִׂיתֶם אֵת כָּל־הָרָעָה הַזֹּאת אַךְ אַל־תָּסוּרוּ מֵאַחֲרֵי
21 יְהוָה וַעֲבַדְתֶּם אֶת־יְהוָה בְּכָל־לְבַבְכֶם: וְלֹא תָּסוּרוּ כִּי ׀
אַחֲרֵי הַתֹּהוּ אֲשֶׁר לֹא־יוֹעִילוּ וְלֹא יַצִּילוּ כִּי־תֹהוּ הֵמָּה:
22 כִּי לֹא־יִטֹּשׁ יְהוָה אֶת־עַמּוֹ בַּעֲבוּר שְׁמוֹ הַגָּדוֹל כִּי הוֹאִיל
23 יְהוָה לַעֲשׂוֹת אֶתְכֶם לוֹ לְעָם: גַּם אָנֹכִי חָלִילָה לִּי מֵחֲטֹא
לַיהוָה מֵחֲדֹל לְהִתְפַּלֵּל בַּעַדְכֶם וְהוֹרֵיתִי אֶתְכֶם בְּדֶרֶךְ
24 הַטּוֹבָה וְהַיְשָׁרָה: אַךְ ׀ יְראוּ אֶת־יְהוָה וַעֲבַדְתֶּם אֹתוֹ בֶּאֱמֶת
כה בְּכָל־לְבַבְכֶם כִּי רְאוּ אֵת אֲשֶׁר־הִגְדִּל עִמָּכֶם: וְאִם־הָרֵעַ
תָּרֵעוּ גַּם־אַתֶּם גַּם־מַלְכְּכֶם תִּסָּפוּ:

יג

א בֶּן־שָׁנָה שָׁאוּל בְּמָלְכוֹ וּשְׁתֵּי שָׁנִים מָלַךְ עַל־יִשְׂרָאֵל:
2 וַיִּבְחַר־לוֹ שָׁאוּל שְׁלֹשֶׁת אֲלָפִים מִיִּשְׂרָאֵל וַיִּהְיוּ עִם־
שָׁאוּל אַלְפַּיִם בְּמִכְמָשׂ וּבְהַר בֵּית־אֵל וְאֶלֶף הָיוּ עִם־
יוֹנָתָן בְּגִבְעַת בִּנְיָמִין וְיֶתֶר הָעָם שִׁלַּח אִישׁ לְאֹהָלָיו:
3 וַיַּךְ יוֹנָתָן אֵת נְצִיב פְּלִשְׁתִּים אֲשֶׁר בְּגֶבַע וַיִּשְׁמְעוּ פְּלִשְׁתִּים
וְשָׁאוּל תָּקַע בַּשּׁוֹפָר בְּכָל־הָאָרֶץ לֵאמֹר יִשְׁמְעוּ הָעִבְרִים:
4 וְכָל־יִשְׂרָאֵל שָׁמְעוּ לֵאמֹר הִכָּה שָׁאוּל אֶת־נְצִיב פְּלִשְׁתִּים
וְגַם־נִבְאַשׁ יִשְׂרָאֵל בַּפְּלִשְׁתִּים וַיִּצָּעֲקוּ הָעָם אַחֲרֵי שָׁאוּל
ה הַגִּלְגָּל: וּפְלִשְׁתִּים נֶאֶסְפוּ ׀ לְהִלָּחֵם עִם־יִשְׂרָאֵל שְׁלֹשִׁים
אֶלֶף רֶכֶב וְשֵׁשֶׁת אֲלָפִים פָּרָשִׁים וְעָם כַּחוֹל אֲשֶׁר עַל־
שְׂפַת־הַיָּם לָרֹב וַיַּעֲלוּ וַיַּחֲנוּ בְמִכְמָשׂ קִדְמַת בֵּית אָוֶן:
6 וְאִישׁ יִשְׂרָאֵל רָאוּ כִּי צַר־לוֹ כִּי נִגַּשׂ הָעָם וַיִּתְחַבְּאוּ

## קאפיטעל יג

1 שאול איז געוועזען קעניג אַ יאהר, אונד ווען ער האט רעגירט צוויא יאהר איבער
ישראל: 2 אזוי האט זיך שאול אויסדערוויילט דרייא טויזענד מאן אוים ישראל,
אונד עס זענען געוועזען מיט שאול צווייא טויזענד אין מכמש אונד אויף דעם בארג
בית אל, אונד טויזענד זענען געוועזען מיט יונתן אין גבעת בנימן; אונד דאס איבריגע
פון דעם פאלק האט ער געשיקט איטליכען צו זיין געצעלט: 3 אונד יונתן האט
געשלאגען דעם אנגעשטעלטען איבער דיא פלשתים וואס איז געוועזען אין גבע,
אונד דיא פלשתים האבען עס געהערט, אונד שאול האט געלאזט שופר בלאזען דורך
דאס גאנצע לאנד, אזוי צו זאגען, לאזען עס דיא עברים הערען: 4 אונד גאנץ ישראל
האט געהערט זאגען אז שאול האט געשלאגען דיא אנגעשטעלטע פון דיא פלשתים,
אונד ישראל האט זיך אויך געמאכט שטינקען צווישען דיא פלשתים; אונד דאס פאלק
איז פערזאמעלט געווארען הינטער שאול קיין גלגל: 5 אונד דיא פלשתים האבען זיך
פערזאמעלט מלחמה צו האלטען מיט ישראל, דרייסיג טויזענד רייטוועגען, אונד זעקס
טויזענד רייטער, אונד אַ פאלק אזוי פיעל וויא דער זאנד וואס איז אם בארטען פון דעם
ים. אונד זייא זענען ארויפגעגאנגען אונד האבען זיך געלאגערט בייא מכמש, אן דער
מזרח־זייט פון בית און: 6 ווען דיא מענער פון ישראל האבען געזעהען אז עס איז איהם
ענג, וואָרין דאס פאלק איז בעצוואונגען געווארען, אזוי האט זיך דאס פאלק בעהאלטען

הָעָם בַּמְּעָרוֹת וּבַחֲוָחִים וּבַסְּלָעִים וּבַצְּרִחִים וּבַבֹּרוֹת׃
7 וְעִבְרִים עָבְרוּ אֶת־הַיַּרְדֵּן אֶרֶץ גָּד וְגִלְעָד וְשָׁאוּל עוֹדֶנּוּ
8 בַגִּלְגָּל וְכָל־הָעָם חָרְדוּ אַחֲרָיו׃ וַיִּיחֶל ׀ שִׁבְעַת יָמִים
לַמּוֹעֵד אֲשֶׁר שְׁמוּאֵל וְלֹא־בָא שְׁמוּאֵל הַגִּלְגָּל וַיָּפֶץ הָעָם
9 מֵעָלָיו׃ וַיֹּאמֶר שָׁאוּל הַגִּשׁוּ אֵלַי הָעֹלָה וְהַשְּׁלָמִים וַיַּעַל
י הָעֹלָה׃ וַיְהִי כְּכַלֹּתוֹ לְהַעֲלוֹת הָעֹלָה וְהִנֵּה שְׁמוּאֵל בָּא
11 וַיֵּצֵא שָׁאוּל לִקְרָאתוֹ לְבָרְכוֹ׃ וַיֹּאמֶר שְׁמוּאֵל מֶה עָשִׂיתָ
וַיֹּאמֶר שָׁאוּל כִּי־רָאִיתִי כִי־נָפַץ הָעָם מֵעָלַי וְאַתָּה לֹא־
12 בָאתָ לְמוֹעֵד הַיָּמִים וּפְלִשְׁתִּים נֶאֱסָפִים מִכְמָשׂ׃ וָאֹמַר
עַתָּה יֵרְדוּ פְלִשְׁתִּים אֵלַי הַגִּלְגָּל וּפְנֵי יְהוָה לֹא חִלִּיתִי
13 וָאֶתְאַפַּק וָאַעֲלֶה הָעֹלָה׃ וַיֹּאמֶר שְׁמוּאֵל אֶל־שָׁאוּל
נִסְכָּלְתָּ לֹא שָׁמַרְתָּ אֶת־מִצְוַת יְהוָה אֱלֹהֶיךָ אֲשֶׁר צִוָּךְ
כִּי עַתָּה הֵכִין יְהוָה אֶת־מַמְלַכְתְּךָ אֶל־יִשְׂרָאֵל עַד־עוֹלָם׃
14 וְעַתָּה מַמְלַכְתְּךָ לֹא־תָקוּם בִּקֵּשׁ יְהוָה לוֹ אִישׁ כִּלְבָבוֹ
וַיְצַוֵּהוּ יְהוָה לְנָגִיד עַל־עַמּוֹ כִּי לֹא שָׁמַרְתָּ אֵת אֲשֶׁר־
טו צִוְּךָ יְהוָה׃ וַיָּקָם שְׁמוּאֵל וַיַּעַל מִן־הַגִּלְגָּל גִּבְעַת
בִּנְיָמִן וַיִּפְקֹד שָׁאוּל אֶת־הָעָם הַנִּמְצְאִים עִמּוֹ כְּשֵׁשׁ מֵאוֹת
16 אִישׁ׃ וְשָׁאוּל וְיוֹנָתָן בְּנוֹ וְהָעָם הַנִּמְצָא עִמָּם יֹשְׁבִים
17 בְּגֶבַע בִּנְיָמִן וּפְלִשְׁתִּים חָנוּ בְמִכְמָשׂ׃ וַיֵּצֵא הַמַּשְׁחִית
מִמַּחֲנֵה פְלִשְׁתִּים שְׁלֹשָׁה רָאשִׁים הָרֹאשׁ אֶחָד יִפְנֶה אֶל־
18 דֶּרֶךְ עָפְרָה אֶל־אֶרֶץ שׁוּעָל׃ וְהָרֹאשׁ אֶחָד יִפְנֶה דֶּרֶךְ
בֵּית חֹרוֹן וְהָרֹאשׁ אֶחָד יִפְנֶה דֶּרֶךְ הַגְּבוּל הַנִּשְׁקָף עַל־
19 גֵּי הַצְּבֹעִים הַמִּדְבָּרָה׃ וְחָרָשׁ לֹא יִמָּצֵא בְּכֹל
אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל כִּי־אָמַר פְּלִשְׁתִּים פֶּן יַעֲשׂוּ הָעִבְרִים חֶרֶב
כ אוֹ חֲנִית׃ וַיֵּרְדוּ כָל־יִשְׂרָאֵל הַפְּלִשְׁתִּים לִלְטוֹשׁ אִישׁ אֶת־
21 מַחֲרַשְׁתּוֹ וְאֶת־אֵתוֹ וְאֶת־קַרְדֻּמּוֹ וְאֵת מַחֲרֵשָׁתוֹ׃ וְהָיְתָה
הַפְּצִירָה פִים לַמַּחֲרֵשֹׁת וְלָאֵתִים וְלִשְׁלֹשׁ קִלְּשׁוֹן

אין הייֶלען אוּנד צְווישֶׁען דיא דֶערְנֶער, אוּנד פֶעלְזֶען, אוּנד לֶעכֶער אוּנד גְרוּבֶּען׃ 7 אוּנד דיא עִבְרִים זֶענֶען אַריבֶּערְגֶעגַאנְגֶען דֶעם יַרְדֵּן צוּ דֶעם לַאנד גָּד אוּנד גִּלְעָד, אָבֶּער שָׁאוּל איז נָאךְ גֶעוֶועזֶען אין גִּלְגָּל, אוּנד דָאס גַאנְצֶע פָאלְק הָאט הינְטֶער איהם גֶעצִיטֶערְט׃ 8 אוּנד עֶר הָאט גֶעוַוארְט זִיבֶּען טֶעג, אַזוֹי וִויא שְׁמוּאֵל הָאט איהם בֶּעשְׁטִימְט, אָבֶּער שְׁמוּאֵל איז נִיט גֶעקוּמֶען קֵיין גִּלְגָּל, אוּנד דָאס פָאלְק הָאט זִיךְ פוּן איהם פֶערְשְׁפְּרֵייט׃ 9 אוּנד שָׁאוּל הָאט גֶעזָאגְט בְּרֶענְגְט צוּ מִיר אַהֶער דָאס קָרְבָּן עוֹלָה אוּנד שְׁלָמִים, אוּנד עֶר הָאט מַקְרִיב גֶעוֶועזֶען דָאס קָרְבָּן עוֹלָה׃ 10 אוּנד עֶס איז גֶעוֶועזֶען וֶוען עֶר הָאט גֶעעֶנְדִיגְט מַקְרִיב צוּ זַיין דָאס קָרְבָּן עוֹלָה, זֶעה אַזוֹי איז שְׁמוּאֵל גֶעקוּמֶען, אוּנד שָׁאוּל איז איהם אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען עֶנְטְקֶעגֶען כְּדֵי איהם צוּ בֶּענְשֶׁען׃ 11 אוּנד שְׁמוּאֵל הָאט גֶעזָאגְט, וָואס הָאסְט דוּא גֶעטְהוּן? אַזוֹי הָאט שָׁאוּל גֶעזָאגְט, וַוייל איךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען אַז דָאס פָאלְק הָאט זִיךְ פוּן מִיר פֶערְשְׁפְּרֵייט, אוּנד דוּא בִּיזְט נִיט גֶעקוּמֶען צוּ דיא בֶּעשְׁטִימְטֶע צֵייט, אוּנד דיא פְּלִשְׁתִּים הָאבֶּען זִיךְ פֶערְזַאמֶעלְט אין מִכְמָשׂ׃ 12 אַזוֹי הָאבּ איךְ מִיר גֶעטְרַאכְט אַז דיא פְּלִשְׁתִּים וֶועלֶען אַצוּנְד צוּ מִיר אַרוּפְּקוּמֶען קֵיין גִּלְגָּל, אוּנד איךְ הָאבּ נִיט גֶעבֶּעטֶען פָאר גָאט, אַזוֹי הָאבּ איךְ מִיךְ גֶעשְׁטַארְקְט אוּנד הָאבּ מַקְרִיב גֶעוֶועזֶען דָאס קָרְבָּן עוֹלָה׃ 13 אָבֶּער שְׁמוּאֵל הָאט גֶעזָאגְט צוּ שָׁאוּל, דוּא הָאסְט נַארִישׁ גֶעהַאנְדֶעלְט, דוּא הָאסְט נִיט גֶעהִיטֶען דָאס גֶעבָּאט פוּן יְהוָֹה דַיין גָאט וָואס עֶר הָאט דִיר גֶעבָּאטֶען, וָוארִין אַצוּנְד וָואלְט אוֹיךְ גָאט דֵיינֶע מְלוּכָה אָנְגֶעבְּרֵייט אִיבֶּער יִשְׂרָאֵל אוֹיף אֵייבִּיג׃ 14 אָבֶּער אַצוּנְד וֶועט דֵיינֶע מְלוּכָה נִיט בֶּעשְׁטֵיין, גָאט הָאט זִיךְ אוֹיסְגֶעזוּכְט אַ מַאן נָאךְ זַיין הַארְץ, אוּנד גָאט הָאט איהם גֶעבָּאטֶען צוּ זַיין אַ הַאר אִיבֶּער זַיין פָאלְק, וַוייל דוּא הָאסְט נִיט גֶעהִיטֶען דָאס וָואס גָאט הָאט דִיר גֶעבָּאטֶען׃ 15 אוּנד שְׁמוּאֵל איז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען אוּנד עֶר איז אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען פוּן גִּלְגָּל קֵיין גִּבְעַת בִּנְיָמִן, אוּנד שָׁאוּל הָאט גֶעצֵיילְט דָאס פָאלְק וָואס איז מִיט איהם גֶעוֶועזֶען, אַן עֶרֶךְ פוּן זֶעקְס הוּנְדֶערְט מַאן׃ 16 אוּנד שָׁאוּל, אוּנד זַיין זוּהְן יוֹנָתָן אוּנד דָאס פָאלְק וָואס איז גֶעפוּנֶען גֶעוָוארֶען מִיט זֵייא זֶענֶען גֶעבְּלִיבֶּען אין גֶּבַע בִּנְיָמִן, אָבֶּער דיא פְּלִשְׁתִּים הָאבֶּען זִיךְ גֶעלַאגֶערְט אין מִכְמָשׂ׃ 17 אוּנד דֶער פֶערְדַארְבֶּער איז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען פוּן דֶער מַחֲנֶה פוּן דיא פְּלִשְׁתִּים אין דְרֵייא הוֹיפְּט־טֵייל, אֵיין טֵייל הָאט זִיךְ גֶעקֶעהְרְט אוֹיף דֶעם וֶועג קֵיין עָפְרָה, צוּ דֶעם לַאנד שׁוּעָל׃ 18 אוּנד אֵיין טֵייל הָאט זִיךְ גֶעקֶעהְרְט אוֹיף דֶעם וֶועג פוּן בֵּית חוֹרוֹן, אוּנד אֵיין טֵייל הָאט זִיךְ גֶעקֶעהְרְט אוֹיף דֶעם וֶועג פוּן דֶער גְרֶענֶעץ, וָואס קוּקְט אַרוֹיס אִיבֶּער דֶעם טְהָאל פוּן דיא צְבוֹעִים נָאךְ דֶער מִדְבָּר צוּ׃ 19 אוּנד עֶס הָאט זִיךְ נִיט גֶע־פוּנֶען אין דֶעם גַאנְצֶען לַאנד פוּן יִשְׂרָאֵל אַ שְׁמִיד, וָוארִין דיא פְּלִשְׁתִּים הָאבֶּען גֶעזָאגְט, טָאמֶער וֶועלֶען זִיךְ דיא עִבְרִים מַאכֶען שְׁוֶוערְד אָדֶער שְׁפִּיזֶען׃ 20 אוּנד גַאנְץ יִשְׂרָאֵל איז אַרוּפְּגֶעגַאנְגֶען צוּ דיא פְּלִשְׁתִּים, אַז אִיטְלִיכֶער זָאל שַׁארְפֶען זַיין אַקֶער־אֵייזֶען, אוּנד זַיין שְׁנֵייד־מֶעסֶער, אוּנד זֵיינֶע הַאק, אוּנד זֵיינֶע הוּבֶּעלְן׃ 21 אָבֶּער זֵייא הָאבֶּען גֶעהַאט אַ פֵּייל דַאמִיט צוּ שַׁארְפֶען דיא הוּבֶּעלְן אוּנד דיא שְׁנֵייד־מֶעסֶער, אוּנד דיא מִיסְט־גָאבֶּעלְן, אוּנד פַאר דיא הַאקֶען, אוּנד דיא

22 ולהקרדמים ולהציב הדרבן: והיה ביום מלחמת ולא
נמצא חרב וחנית ביד כל־העם אשר את־שאול ואת־
23 יונתן ותמצא לשאול וליונתן בנו: ויצא מצב פלשתים
אל־מעבר מכמש:

יד

1 ויהי היום ויאמר יונתן בן־שאול אל־הנער נשא כליו
לכה ונעברה אל־מצב פלשתים אשר מעבר הלז ולאביו
2 לא הגיד: ושאול יושב בקצה הגבעה תחת הרמון
3 אשר במגרון והעם אשר עמו כשש מאות איש: ואחיה
בן־אחטוב אחי אי־כבוד ׀ בן־פינחס בן־עלי כהן יהוה
4 בשלה נשא אפוד והעם לא ידע כי הלך יונתן: ובין
המעברות אשר בקש יונתן לעבר על־מצב פלשתים
שן־הסלע מהעבר מזה ושן־הסלע מהעבר מזה ושם
5 האחד בוצץ ושם האחד סנה: השן האחד מצוק
6 מצפון מול מכמש והאחד מנגב מול גבע: ויאמר
יהונתן אל־הנער ׀ נשא כליו לכה ונעברה אל־מצב
הערלים האלה אולי יעשה יהוה לנו כי אין ליהוה
7 מעצור להושיע ברב או במעט: ויאמר לו נשא כליו
עשה כל־אשר בלבבך נטה לך הנני עמך כלבבך:
8 ויאמר יהונתן הנה אנחנו עברים אל־האנשים ונגלינו
9 אליהם: אם־כה יאמרו אלינו דמו עד־הגיענו אליכם
10 ועמדנו תחתינו ולא נעלה אליהם: ואם־כה יאמרו
עלו עלינו ועלינו כי־נתנם יהוה בידנו וזה־לנו האות:
11 ויגלו שניהם אל־מצב פלשתים ויאמרו פלשתים הנה
12 עברים יצאים מן־החרים אשר התחבאו־שם: ויענו
אנשי המצבה את־יונתן ׀ ואת־נשא כליו ויאמרו עלו
אלינו ונודיעה אתכם דבר ויאמר יונתן אל־נשא כליו
13 עלה אחרי כי־נתנם יהוה ביד ישראל: ויעל יונתן על־

אַקָּסְען־שְׁטַאכֶעל, אִין הַאלְץ אַרײַנְצוּשְׁטֶעלֶען: 22 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אִין דֶעם טָאג פוּן דֶער מִלְחָמָה, אַזוֹי הָאט זִיךְ נִיט גֶעפוּנֶען אִין דֶער הַאנְד פוּן דֶעם גַאנְצֶען פָאלְק וָואס אִיז גֶעוֶועזֶען מִיט שָׁאוּל אוּנְד יוֹנָתָן קֵיין שְׁוֶוערְד אוּנְד קֵיין שְׁפִּיז, נָאר אִין דֶער הַאנְד פוּן שָׁאוּל אוּנְד יוֹנָתָן אַלֵיין: 23 אוּנְד דִיא אָנְגֶעשְׁטֶעלְטֶע (וֶועכְטֶער) פוּן דִיא פְּלִשְׁתִּים זֶענֶען אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען צוּ דֶער אִיבֶּערְפָאהְרְט פוּן מִכְמָשׂ:

קאפיטעל יד

1 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אִין אַ גֶעוִויסֶען טָאג, אַזוֹי הָאט יוֹנָתָן דֶער זוּהְן פוּן שָׁאוּל גֶעזָאגְט צוּ זַיין יוּנְג וָואס הָאט גֶעטְרָאגֶען זַיין כְּלֵי זַיִן, קוּם, לָאמִיר אַרִיבֶּערְגֵיין צוּ דִיא אָנְגֶעשְׁטֶעלְטֶע פוּן דִיא פְּלִשְׁתִּים, וָואס זֶענֶען דָארְט אוֹיף דֶער אַנְדֶערֶע זַייט, אָבֶּער עֶר הָאט עֶס נִיט גֶעזָאגְט צוּ זַיין פָאטֶער: 2 אוּנְד שָׁאוּל אִיז גֶעבְּלִיבֶּען אַן דֶעם עֶק פוּן גִבְעָה, אוּנְטֶער אַ מִילְגְרוֹים בּוֹים, וָואס אִיז גֶעוֶועזֶען אִין מִגְרוֹן, אוּנְד דָאס פָאלְק וָואס אִיז מִיט אִיהְם גֶעוֶועזֶען וַוארֶען אָנְגֶעפֶער זֶעקְס הוּנְדֶערְט מַאן: 3 אוּנְד אֲחִיָה זוּהְן פוּן אֲחִיטוּב, דֶער בְּרוּדֶער פוּן אִי־כָבוֹד, זוּהְן פוּן פִּינְחָס, זוּהְן פוּן עֵלִי, דֶער כֹּהֵן פוּן יְהוָֹה אִין שִׁלֹה הָאט גֶעטְרָאגֶען דֶעם אֵפוֹד, אוּנְד דָאס פָאלְק הָאט נִיט גֶעוְואוּסְט אַז יוֹנָתָן אִיז אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען: 4 אוּנְד צְוִוישֶׁען דִיא אִיבֶּערְפָאהְרְטֶען וָואס יוֹנָתָן הָאט בֶּעגֶעהְרְט אַרִיבֶּערְצוּגֵיין צוּ דִיא אָנְגֶעשְׁטֶעלְטֶע פוּן דִיא פְּלִשְׁתִּים, אִיז גֶעוֶועזֶען אַ שְׁפִּיצִיגֶער שְׁטֵיין פוּן דִיזֶער זַייט אוּנְד פוּן יֶענֶער זַייט, אוּנְד דֶער נָאמֶען פוּן אֵיינֶעם אִיז גֶעוֶועזֶען בּוֹצֵץ, אוּנְד דֶער נָאמֶען פוּן דֶעם אַנְדֶערְן סֶנֶה: 5 אֵיין שְׁפִּיצִיגֶער (שְׁטֵיין) אִיז גֶעוֶועזֶען אוֹיפְגֶעשְׁטֶעלְט פוּן צָפוֹן־זַייט, קֶעגֶענְאִיבֶּער מִכְמָשׂ, אוּנְד אֵיינֶער אַן דָרוֹם־זַייט קֶעגֶענְאִיבֶּער גָבַע: 6 אַזוֹי הָאט יוֹנָתָן גֶעזָאגְט צוּ דֶעם יוּנְג וָואס הָאט גֶעטְרָאגֶען זַיין כְּלֵי זַיִן, לָאמִיר אִיבֶּערְפָאהְרֶען צוּ דִיא דָאזִיגֶע אָנְגֶעשְׁטֶעלְטֶע עֲרֵלִים, טָאמֶער וֶועט גָאט צוּ אוּנְס טְהוּן (אַ נֵס), וָוארִין בַּייא גָאט אִיז קֵיין אוֹיפְהַאלְטוּנְג צוּ הֶעלְפֶען מִיט פִילֶע אָדֶער מִיט וֶוענִיגֶע: 7 אוּנְד דֶער וָואס הָאט גֶעטְרָאגֶען זַיינֶע כֵּלִים הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, טְהוּא אַלֶעס וָואס אִיז אִין דַיין הַארְץ, נֵייג דִיךְ, זֶעה אִיךְ בִּין מִיט דִיר אַזוֹי וִויא דַיין הַארְץ: 8 אוּנְד יְהוֹנָתָן הָאט גֶעזָאגְט, זֶעה, מִיר וֶועלֶען אַרִיבֶּערְגֵיין צוּ דִיא מֶענְשֶׁער, אוּנְד מִיר וֶועלֶען זִיךְ צוּ זֵייא אַנְטְפְּלֶעקֶען: 9 אוּנְד וֶוען זֵייא וֶועלֶען צוּ אוּנְס זָאגֶען בְּלֵייבְּט שְׁטִיל בִּיז מִיר וֶועלֶען אֵייךְ דֶערְגְרֵייכֶען, אַזוֹי וֶועלֶען מִיר בְּלֵייבֶּען שְׁטֵיין אוֹיף אוּנְזֶער אָרְט, אוּנְד מִיר וֶועלֶען נִיט צוּ זֵייא אַרוֹיפְגֵיין: 10 אָבֶּער וֶוען זֵייא וֶועלֶען זָאגֶען, קוּמְט אַרוֹיף צוּ אוּנְס, אַזוֹי וֶועלֶען מִיר אַרוֹיפְגֵיין, אוּנְד דָאס דָאזִיגֶע וֶועט זַיין אַ צֵייכֶען אַז גָאט הָאט זֵייא גֶעגֶעבֶּען אִין אוּנְזֶערֶע הַאנְד אַרַיין: 11 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זִיךְ בֵּיידֶע אַנְטְפְּלֶעקְט צוּ דִיא אָנְגֶעשְׁטֶעלְטֶע פוּן דִיא פְּלִשְׁתִּים, אוּנְד דִיא פְּלִשְׁתִּים הָאבֶּען גֶעזָאגְט, זֶעהְט, דִיא עִבְרִים זֶענֶען אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען פוּן דִיא לֶעכֶער, אַווּאוּ זֵייא הָאבֶּען זִיךְ דָארְט בֶּעהַאלְטֶען: 12 אוּנְד דִיא מֶענֶער פוּן דֶער אוֹיפְשְׁטֶעלוּנְג הָאבֶּען גֶעעֶנְטְפֶערְט יוֹנָתָן אוּנְד זַיין גֶעוֶועהְר טְרָאגֶער, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט, קוּמְט אַרוֹיף צוּ אוּנְס, אוּנְד מִיר וֶועלֶען אֵייךְ לָאזֶען וִויסֶען אַ זַאךְ, אַזוֹי הָאט יוֹנָתָן גֶעזָאגְט צוּ זַיין גֶעוֶועהְר טְרָאגֶער, קוּם אַרוֹיף הִינְטֶער מִיר, וָוארִין גָאט הָאט זֵייא גֶעגֶעבֶּען אִין דִיא הַאנְד פוּן יִשְׂרָאֵל: 13 אוּנְד יוֹנָתָן אִיז אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען אוֹיף

יָדָיו וְעַל־רַגְלָיו וְנֹשֵׂא כֵלָיו אַחֲרָיו וַיִּפְּלוּ לִפְנֵי יוֹנָתָן
14 וְנֹשֵׂא כֵלָיו מְמוֹתֵת אַחֲרָיו׃ וַתְּהִי הַמַּכָּה הָרִאשֹׁנָה
אֲשֶׁר הִכָּה יוֹנָתָן וְנֹשֵׂא כֵלָיו כְּעֶשְׂרִים אִישׁ כְּבַחֲצִי
טו מַעֲנָה צֶמֶד שָׂדֶה׃ וַתְּהִי חֲרָדָה בַמַּחֲנֶה בַשָּׂדֶה וּבְכָל־
הָעָם הַמַּצָּב וְהַמַּשְׁחִית חָרְדוּ גַּם־הֵמָּה וַתִּרְגַּז הָאָרֶץ
16 וַתְּהִי לְחֶרְדַּת אֱלֹהִים׃ וַיִּרְאוּ הַצֹּפִים לְשָׁאוּל בְּגִבְעַת
17 בִּנְיָמִן וְהִנֵּה הֶהָמוֹן נָמוֹג וַיֵּלֶךְ וַהֲלֹם׃ וַיֹּאמֶר
שָׁאוּל לָעָם אֲשֶׁר אִתּוֹ פִּקְדוּ־נָא וּרְאוּ מִי הָלַךְ מֵעִמָּנוּ
18 וַיִּפְקְדוּ וְהִנֵּה אֵין יוֹנָתָן וְנֹשֵׂא כֵלָיו׃ וַיֹּאמֶר שָׁאוּל
לַאֲחִיָּה הַגִּישָׁה אֲרוֹן הָאֱלֹהִים כִּי־הָיָה אֲרוֹן הָאֱלֹהִים
19 בַּיּוֹם הַהוּא וּבְנֵי יִשְׂרָאֵל׃ וַיְהִי עַד דִּבֶּר שָׁאוּל אֶל־הַכֹּהֵן
וְהֶהָמוֹן אֲשֶׁר בְּמַחֲנֵה פְלִשְׁתִּים וַיֵּלֶךְ הָלוֹךְ וָרָב
כ וַיֹּאמֶר שָׁאוּל אֶל־הַכֹּהֵן אֱסֹף יָדֶךָ׃ וַיִּזָּעֵק שָׁאוּל וְכָל־
הָעָם אֲשֶׁר אִתּוֹ וַיָּבֹאוּ עַד־הַמִּלְחָמָה וְהִנֵּה הָיְתָה חֶרֶב
21 אִישׁ בְּרֵעֵהוּ מְהוּמָה גְּדוֹלָה מְאֹד׃ וְהָעִבְרִים הָיוּ
לַפְּלִשְׁתִּים כְּאֶתְמוֹל שִׁלְשׁוֹם אֲשֶׁר עָלוּ עִמָּם בַּמַּחֲנֶה
סָבִיב וְגַם־הֵמָּה לִהְיוֹת עִם־יִשְׂרָאֵל אֲשֶׁר עִם־שָׁאוּל
22 וְיוֹנָתָן׃ וְכֹל אִישׁ יִשְׂרָאֵל הַמִּתְחַבְּאִים בְּהַר־אֶפְרַיִם
שָׁמְעוּ כִּי־נָסוּ פְּלִשְׁתִּים וַיַּדְבְּקוּ גַם־הֵמָּה אַחֲרֵיהֶם
23 בַּמִּלְחָמָה׃ וַיּוֹשַׁע יְהוָה בַּיּוֹם הַהוּא אֶת־יִשְׂרָאֵל
24 וְהַמִּלְחָמָה עָבְרָה אֶת־בֵּית אָוֶן׃ וְאִישׁ־יִשְׂרָאֵל נִגַּשׂ בַּיּוֹם
הַהוּא וַיֹּאֶל שָׁאוּל אֶת־הָעָם לֵאמֹר אָרוּר הָאִישׁ אֲשֶׁר־
יֹאכַל לֶחֶם עַד־הָעֶרֶב וְנִקַּמְתִּי מֵאֹיְבַי וְלֹא־טָעַם כָּל־
כה הָעָם לָחֶם׃ וְכָל־הָאָרֶץ בָּאוּ בַיָּעַר וַיְהִי דְבַשׁ עַל־פְּנֵי
26 הַשָּׂדֶה׃ וַיָּבֹא הָעָם אֶל־הַיַּעַר וְהִנֵּה הֵלֶךְ דְּבָשׁ וְאֵין
27 מַשִּׂיג יָדוֹ אֶל־פִּיו כִּי־יָרֵא הָעָם אֶת־הַשְּׁבֻעָה׃ וְיוֹנָתָן לֹא־
שָׁמַע בְּהַשְׁבִּיעַ אָבִיו אֶת־הָעָם וַיִּשְׁלַח אֶת־קְצֵה הַמַּטֶּה

זײנֶע הֶענד אוּנד אוֹיף זײנֶע פִיס, אוּנד זײן גֶעװעהְר טְרֶעגֶער הִינְטֶער אִיהְם, אוּנד זײא זֶענֶען גֶעפַאלֶען פַאר יוֹנָתָן, אוּנד זײן גֶעװעהְר טְרֶעגֶער הָאט זײא הִינְטֶער אִיהְם גֶעטֵייט: 14 אוּנד דֶער עֶרְשְׁטֶער שְׁלַאק װָאס יוֹנָתָן אוּנד זײן גֶעװעהְר טְרֶעגֶער הָאבֶּען גֶעשְׁלָאגֶען, אִיז גֶעװעזֶען אַן עֶרךְ פוּן צְװַאנְצִיג מַאן, אַזוֹי װִיא אַײן הַאלְבֶּעם אַקֶערְלַאנְד װָאס אַ פָּאר אָקְסֶען קֶענֶען אַקֶערְן אַ פֶעלְד: 15 אוּנד עֶס אִיז גֶעװעזֶען אַ צִיטֶערְנִיס אִין דֶער מַחֲנֶה, אוּנד אוֹיף דֶעם פֶעלְד, אוּנד אוּנְטֶער דֶעם גַאנְצֶען פָאלְק, דִיא אוֹיפְשְׁטֶעלוּנְג אוּנד דִיא פֶערְדַארְבֶּערְס הָאבֶּען אוֹיךְ גֶעצִיטֶערְט, אוּנד דִיא עֶרְד הָאט גֶעצִיטֶערְט, אוּנד עֶס אִיז גֶעװעזֶען אַ צִיטֶערְנִיס פוּן גָאט: 16 אוּנד דִיא װֶעכְטֶערְס פוּן שָׁאוּל הָאבֶּען אוֹיסְגֶעקוּקְט קֵיין גִבְעַת בִּנְיָמִן, אוּנד זֶעה, דִיא מַאסְסֶע אִיז צוּגַאנְגֶען, אוּנד זֶענֶען אַהִין אוּנד אַהֶער גֶעגַאנְגֶען: 17 אוּנד שָׁאוּל הָאט גֶעזָאגְט צוּ דֶעם פָאלְק װָאס אִיז מִיט אִיהְם גֶעװעזֶען, צֵיילְט דָאךְ אוּנד זֶעהְט װֶער עֶס אִיז פוּן אוּנְס אַװעקְגֶעגַאנְגֶען; אוּנד װֶען זײא הָאבֶּען גֶעצֵיילְט, אַזוֹי זֶענֶען יוֹנָתָן אוּנד זײן גֶעװעהְר טְרֶעגֶער נִיט דָא גֶעװעזֶען: 18 אַזוֹי הָאט שָׁאוּל גֶעזָאגְט צוּ אַחִיָה, גֶענֶעהְן דֶעם אָרוֹן פוּן גָאט, װָארִין דֶער אָרוֹן פוּן גָאט אִיז אִין דֶעם דָאזִיגֶען טָאג גֶעװעזֶען צְװִישֶׁען דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל: 19 אוּנד עֶס אִיז גֶעװעזֶען אַז שָׁאוּל הָאט נָאךְ גֶערֶעט צוּ דֶעם כֹּהֵן, אוּנד דָאס גֶעטִימֶעל װָאס אִיז גֶעװעזֶען אִין דֶער מַחֲנֶה פוּן דִיא פְּלִשְׁתִּים אִיז נָאךְ גְרֶעסֶער גֶעװָארֶען, אַזוֹי הָאט שָׁאוּל גֶעזָאגְט צוּ דֶעם כֹּהֵן, צִיה צוּרִיק דֵיינֶע הַאנְד: 20 אוּנד שָׁאוּל אוּנד דָאס גַאנְצֶע פָאלְק װָאס אִיז מִיט אִיהְם גֶעװעזֶען הָאט זִיךְ פֶערְזַאמֶעלְט, אוּנד זײא זֶענֶען גֶעקוּמֶען צוּ דֶער מִלְחָמָה, אוּנד זֶעה, אִיטְלִיכֶעס שְׁװֶערְד אִיז גֶעװעזֶען קֶעגֶען זײן חַבֵר, אוּנד עֶס אִיז גֶעװעזֶען אַ זֶעהְר גְרוֹיס גֶעטִימֶעל: 21 אוּנד דִיא עִבְרִים װָאס זֶענֶען פְרִיהֶער גֶעװעזֶען בֵּייא דִיא פְּלִשְׁתִּים, װָאס זֶענֶען מִיט זײא אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען אִין דֶער מַחֲנֶה רִינְגְס אַרוּם, זײא זֶענֶען אוֹיךְ יֶעצְט גֶעװעזֶען מִיט יִשְׂרָאֵל װָאס װַארֶען מִיט שָׁאוּל אוּנד מִיט יוֹנָתָן: 22 אוּנד װֶען אַלֶע מֶענְער פוּן יִשְׂרָאֵל װָאס הָאבֶּען זִיךְ בֶּעהַאלְטֶען אוֹיף דֶעם בַּארְג אֶפְרַיִם הָאבֶּען גֶעהֶערְט אַז דִיא פְּלִשְׁתִּים זֶענֶען אַנְטְלָאפֶען, אַזוֹי הָאבֶּען זײא זִיךְ אוֹיךְ בֶּעהֶעפְט הִינְטֶער זײא אִין דֶער מִלְחָמָה: 23 אוּנד גָאט הָאט אִין דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען טָאג גֶעהָאלְפֶען יִשְׂרָאֵל, אוּנד דִיא מִלְחָמָה אִיז אַרִיבֶּערְגֶעגַאנְגֶען בִּיז קֵיין בֵּית אָוֶן: 24 אוּנד דִיא מֶענְער פוּן יִשְׂרָאֵל זֶענֶען אִין דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען טָאג בֶּעצְװוּנְגֶען גֶעװָארֶען, אוּנד שָׁאוּל הָאט דָאס פָאלְק בֶּעשְׁװוֹירֶען, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, פֶערְפְלוּכְט אִיז דֶער מַאן װָאס װֶעט עֶסֶען בְּרוֹיט בִּיז אָבֶּענְד, אוּנד בִּיז אִיךְ הָאבּ מִיךְ נוֹקֵם גֶעװעזֶען אַן מֵיינֶע פֵיינְד, אוּנד דָאס גַאנְצֶע פָאלְק הָאט קֵיין שׁוּם שְׁפֵּייז נִיט פֶערזוּכְט: 25 אוּנד אַלֶע פוּן דֶעם לַאנְד זֶענֶען גֶעקוּמֶען אִין װַאלְד אַרֵיין, אוּנד עֶס אִיז גֶעװעזֶען הָאנִיג אוֹיף דֶעם פֶעלְד: 26 אוּנד װֶען דָאס פָאלְק אִיז אִין דֶעם װַאלְד אַרֵיינְגֶעקוּמֶען, זֶעה, אַזוֹי הָאט דֶער הָאנִיג אַרוּפְּגֶעטְרִיפְט, אָבֶּער קֵיינֶער הָאט נִיט זײנֶע הַאנְד גֶעבְּרֵייכְט צוּ זײן מוֹיל, װָארִין דָאס פָאלְק הָאט מוֹרָא גֶעהַאט װֶעגֶען דִיא שְׁבוּעָה: 27 אָבֶּער יוֹנָתָן הָאט נִיט גֶעהֶערְט אַז זײן פָאטֶער הָאט דָאס פָאלְק בֶּעשְׁװוֹירֶען, אוּנד עֶר הָאט אוֹיסְגֶעשְׁטְרֶעקְט דָאס עֶנְד פוּן זײן שְׁטֶעקֶען

װאס

אֲשֶׁר בְּיָדוֹ וַיִּטְבֹּל אוֹתָהּ בְּיַעְרַת הַדְּבָשׁ וַיָּשֶׁב יָדוֹ אֶל־
פִּיו וַתָּאֹרְנָה עֵינָיו׃ וַיַּעַן אִישׁ מֵהָעָם וַיֹּאמֶר הַשְׁבֵּעַ הִשְׁבִּיעַ 28
אָבִיךָ אֶת־הָעָם לֵאמֹר אָרוּר הָאִישׁ אֲשֶׁר־יֹאכַל לֶחֶם
הַיּוֹם וַיָּעַף הָעָם׃ וַיֹּאמֶר יוֹנָתָן עָכַר אָבִי אֶת־הָאָרֶץ רְאוּ־ 29
נָא כִּי־אֹרוּ עֵינַי כִּי טָעַמְתִּי מְעַט דְּבַשׁ הַזֶּה׃ אַף כִּי לוּא ל
אָכֹל אָכַל הַיּוֹם הָעָם מִשְּׁלַל אֹיְבָיו אֲשֶׁר מָצָא כִּי עַתָּה
לֹא־רָבְתָה מַכָּה בַּפְּלִשְׁתִּים׃ וַיַּכּוּ בַּיּוֹם הַהוּא בַּפְּלִשְׁתִּים 31
מִמִּכְמָשׂ אַיָּלֹנָה וַיָּעַף הָעָם מְאֹד׃ וַיַּעַשׂ הָעָם אֶל־שָׁלָל 32
וַיִּקְחוּ צֹאן וּבָקָר וּבְנֵי בָקָר וַיִּשְׁחֲטוּ אָרְצָה וַיֹּאכַל הָעָם
עַל־הַדָּם׃ וַיַּגִּידוּ לְשָׁאוּל לֵאמֹר הִנֵּה הָעָם חֹטְאִים 33
לַיהוָה לֶאֱכֹל עַל־הַדָּם וַיֹּאמֶר בְּגַדְתֶּם גֹּלּוּ אֵלַי הַיּוֹם אֶבֶן
גְּדוֹלָה׃ וַיֹּאמֶר שָׁאוּל פֻּצוּ בָעָם וַאֲמַרְתֶּם לָהֶם הַגִּישׁוּ 34
אֵלַי אִישׁ שׁוֹרוֹ וְאִישׁ שֵׂיֵהוּ וּשְׁחַטְתֶּם בָּזֶה וַאֲכַלְתֶּם וְלֹא־
תֶחֶטְאוּ לַיהוָה לֶאֱכֹל אֶל־הַדָּם וַיַּגִּשׁוּ כָל־הָעָם אִישׁ
שׁוֹרוֹ בְיָדוֹ הַלַּיְלָה וַיִּשְׁחֲטוּ־שָׁם׃ וַיִּבֶן שָׁאוּל מִזְבֵּחַ לה
לַיהוָה אֹתוֹ הֵחֵל לִבְנוֹת מִזְבֵּחַ לַיהוָה׃ וַיֹּאמֶר 36
שָׁאוּל נֵרְדָה אַחֲרֵי פְלִשְׁתִּים לַיְלָה וְנָבֹזָה בָהֶם ׀ עַד־אוֹר
הַבֹּקֶר וְלֹא־נַשְׁאֵר בָּהֶם אִישׁ וַיֹּאמְרוּ כָּל־הַטּוֹב בְּעֵינֶיךָ
עֲשֵׂה ׃ וַיֹּאמֶר הַכֹּהֵן נִקְרְבָה הֲלֹם אֶל־הָאֱלֹהִים׃
וַיִּשְׁאַל שָׁאוּל בֵּאלֹהִים הַאֵרֵד אַחֲרֵי פְלִשְׁתִּים הֲתִתְּנֵם 37
בְּיַד יִשְׂרָאֵל וְלֹא עָנָהוּ בַּיּוֹם הַהוּא׃ וַיֹּאמֶר שָׁאוּל גֹּשׁוּ 38
הֲלֹם כֹּל פִּנּוֹת הָעָם וּדְעוּ וּרְאוּ בַּמָּה הָיְתָה הַחַטָּאת
הַזֹּאת הַיּוֹם׃ כִּי חַי־יְהוָה הַמּוֹשִׁיעַ אֶת־יִשְׂרָאֵל כִּי אִם־ 39
יֶשְׁנוֹ בְּיוֹנָתָן בְּנִי כִּי־מוֹת יָמוּת וְאֵין עֹנֵהוּ מִכָּל־הָעָם׃
וַיֹּאמֶר אֶל־כָּל־יִשְׂרָאֵל אַתֶּם תִּהְיוּ לְעֵבֶר אֶחָד וַאֲנִי וְיוֹנָתָן מ
בְּנִי נִהְיֶה לְעֵבֶר אֶחָד וַיֹּאמְרוּ הָעָם אֶל־שָׁאוּל הַטּוֹב
בְּעֵינֶיךָ עֲשֵׂה׃ וַיֹּאמֶר שָׁאוּל אֶל־יְהוָה אֱלֹהֵי יִשְׂרָאֵל 41

וָואס עֶר הָאט גֶעהַאט אִין זַיינֶע הַאנְד, אוּנְד עֶר הָאט עֶס אַיינְגֶעטוּנְקְט אִין דֶעם ווִילְדֶען הָאנִיג, אוּנְד עֶר הָאט זַיינֶע הַאנְד צוּרִיקְגֶעקֶעהְרְט צוּ זַיין מוֹיל, אוּנְד זַיינֶע אוֹיגֶען זֶענֶען דֶערְלַייכְטֶעט גֶעוָוארֶען: 28 אוּנְד אַיינֶער פוּן דֶעם פָאלְק הָאט אִיהְם גֶעעֶנְטְפֶערְט, אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, דַיין פָאטֶער הָאט דָאס פָאלְק בֶּעשְׁוְואוֹירֶען, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, פֶערְפְלוּכְט זָאל זַיין דֶער מַאן וָואס וֶועט הַיינְט עֶסֶען שְׁפֵּייז,—אוּנְד דָאס פָאלְק אִיז עֶרְמִידֶעט גֶעוֶועזֶען: 29 אוּנְד יוֹנָתָן הָאט גֶעזָאגְט, מֵיין פָאטֶער הָאט בֶּעטְרִיבְּט דָאס לַאנְד, זֶעהְט דָאךְ, ווִיא מֵיינֶע אוֹיגֶען זֶענֶען דֶערְלַייכְטֶעט, ווַייל אִיךְ הָאבּ פֶערְזוּכְט אַ בִּיסֶעל פוּן דֶעם דָאזִיגֶען הָאנִיג: 30 מִכָּל שֶׁכֵּן וֶוען דָאס פָאלְק הֶעט הַיינְט גֶעגֶעסֶען פוּן דֶעם רוֹיבּ פוּן זַיינֶע פֵיינְד וָואס מֶען הָאט גֶעפוּנֶען? ווֶער עֶס נִיט יֶעצְט גֶעוֶועזֶען אַ גְרֶעסֶערֶער שְׁלַאק אוּנְטֶער דִיא פְּלִשְׁתִּים? 31 אוּנְד זַייא הָאבֶּען אַן דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען טָאג גֶעשְׁלָאגֶען דִיא פְּלִשְׁתִּים פוּן מִכְמָשׁ בִּיז אַיָלוֹן, אוּנְד דָאס פָאלְק אִיז זֶעהְר מִיד גֶעוֶועזֶען: 32 אוּנְד דָאס פָאלְק אִיז צוּגֶעפְלוֹיגֶען צוּ דֶעם זַאק־רוֹיבּ, אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶענוּמֶען שָׁאף, אוּנְד רִינְדֶער, אוּנְד יוּנְגֶע רִינְדֶער, אוּנְד זַייא הָאבֶּען זַייא גֶעשָׁאכְטֶען אוֹיף דֶער עֶרְד, אוּנְד דָאס פָאלְק הָאט עֶס גֶעגֶעסֶען מִיט דֶעם בְּלוּט: 33 אוּנְד מֶען הָאט עֶס אָנְגֶעזָאגְט צוּ שָׁאוּל, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, זֶעה, דָאס פָאלְק הָאט גֶעזִינְדִיגְט קֶעגֶען גָאט, צוּ עֶסֶען מִיט דֶעם בְּלוּט, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, אִיהְר הָאט גֶעפֶעלְשְׁט, ווֶעלְגֶערְט אִיבֶּער מִיר הַיינְט אַ גְרוֹיסֶען שְׁטֵיין: 34 אוּנְד שָׁאוּל הָאט גֶעזָאגְט צוּ דֶעם פָאלְק, פֶערשְׁפְּרֵייט אֵייךְ אוּנְטֶער דֶעם פָאלְק, אוּנְד אִיהְר זָאלְט צוּ זַייא זָאגֶען, גֶענֶעהְנְט צוּ מִיר אִיטְלִיכֶער זַיין אָקְס, אוּנְד אִיטְלִיכֶער זַיין לֶעמֶעלֶע, אוּנְד שֶׁעכְט עֶס דָא, אוּנְד עֶסְט עֶס, אַז אִיהְר זָאלְט נִיט זִינְדִיגֶען קֶעגֶען גָאט עֶס צוּ עֶסֶען מִיט דֶעם בְּלוּט, אַזוֹי הָאט דָאס גַאנְצֶע פָאלְק גֶענֶעהְנְט, אִיטְלִיכֶער זַיין אָקְס אִין זַיינֶע הַאנְד, בַּייא נַאכְט, אוּנְד זַייא הָאבֶּען עֶס דָארְט גֶעשָׁאכְטֶען: 35 אוּנְד שָׁאוּל הָאט גֶעבּוֹיט אַ מִזְבֵּחַ צוּ גָאט, מִיט אִיהְם הָאט עֶר אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ בּוֹיעֶן אַ מִזְבֵּחַ צוּ גָאט: 36 אוּנְד שָׁאוּל הָאט גֶעזָאגְט, לָאמֶער אַרוּפְגֵּיין הִינְטֶער דִיא פְּלִשְׁתִּים בַּייא נַאכְט, אוּנְד מִיר ווֶעלֶען זַייא רוֹיבֶּען בִּיז צוּ דֶעם מָארְגֶען־לִיכְט, אוּנְד מִיר ווֶעלֶען אוּנְטֶער זַייא נִיט אִיבֶּערְלָאזֶען אַ מַאן! אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט, טְהוּא אַלֶעס וָואס אִיז גוּט אִין דַיינֶע אוֹיגֶען— אוּנְד דֶער כֹּהֵן הָאט גֶעזָאגְט, לָאמֶער דָא אַהֶער גֶענֶעהֶנֶען צוּ גָאט: 37 אַזוֹי הָאט שָׁאוּל אָנְגֶעפְרֶעגְט בַּייא גָאט—זָאל אִיךְ אַרוּפְגֵּיין הִינְטֶער דִיא פְּלִשְׁתִּים? ווֶעסְט דוּא זַייא גֶעבֶּען אִין דִיא הַאנְד פוּן יִשְׂרָאֵל? אָבֶּער עֶר הָאט אִיהְם נִיט גֶעעֶנְטְפֶערְט אַן דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען טָאג: 38 אוּנְד שָׁאוּל הָאט גֶעזָאגְט, גֶענֶעהְנְט דָא אַהֶער אַלֶע הוֹיפְּט לֵייטֶע פוּן דֶעם פָאלְק, אוּנְד דֶערְקֶענְט אוּנְד זֶעהְט מִיט וָואס דִיא דָאזִיגֶע זִינְד אִיז הַיינְט גֶעוֶועזֶען: 39 וָוארִין, אַזוֹי וָואהְר ווִיא גָאט לֶעבְּט וָואס הָאט יִשְׂרָאֵל גֶעהָאלְפֶען, חָאטְשֶׁע עֶס אִיז אִין מֵיין זוּהְן יוֹנָתָן, אַזוֹי זָאל עֶר גֶעטֵייט ווֶערֶען, אוּנְד קֵיינֶער פוּן דֶעם גַאנְצֶען פָאלְק הָאט אִיהְם גֶעעֶנְטְפֶערְט: 40 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט צוּ גַאנְץ יִשְׂרָאֵל, אִיהְר זָאלְט זַיין אוֹיף אֵיין זַייט, אוּנְד אִיךְ אוּנְד מֵיין זוּהְן יוֹנָתָן ווֶעלֶען זַיין אוֹיף דֶער אַנְדֶערֶע זַייט, אוּנְד דָאס פָאלְק הָאט גֶעזָאגְט צוּ שָׁאוּל, וָואס אִיז גוּט אִין דַיינֶע אוֹיגֶען דָאס טְהוּא: 41 אוּנְד שָׁאוּל הָאט גֶעזָאגְט צוּ יְהֹוָה דֶעם גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל,

42 הָבָה תָמִים וַיִּלָּכֵד יוֹנָתָן וְשָׁאוּל וְהָעָם יָצָאוּ׃ וַיֹּאמֶר
43 שָׁאוּל הַפִּילוּ בֵּינִי וּבֵין יוֹנָתָן בְּנִי וַיִּלָּכֵד יוֹנָתָן׃ וַיֹּאמֶר
שָׁאוּל אֶל־יוֹנָתָן הַגִּידָה לִּי מֶה עָשִׂיתָה וַיַּגֶּד־לוֹ יוֹנָתָן
וַיֹּאמֶר טָעֹם טָעַמְתִּי בִּקְצֵה הַמַּטֶּה אֲשֶׁר־בְּיָדִי מְעַט דְּבַשׁ
44 הִנְנִי אָמוּת׃ וַיֹּאמֶר שָׁאוּל כֹּה־יַעֲשֶׂה אֱלֹהִים וְכֹה יוֹסִף
מה כִּי־מוֹת תָּמוּת יוֹנָתָן׃ וַיֹּאמֶר הָעָם אֶל־שָׁאוּל הֲיוֹנָתָן יָמוּת
אֲשֶׁר עָשָׂה הַיְשׁוּעָה הַגְּדוֹלָה הַזֹּאת בְּיִשְׂרָאֵל חָלִילָה חַי־
יְהוָה אִם־יִפֹּל מִשַּׂעֲרַת רֹאשׁוֹ אַרְצָה כִּי־עִם־אֱלֹהִים עָשָׂה
46 הַיּוֹם הַזֶּה וַיִּפְדּוּ הָעָם אֶת־יוֹנָתָן וְלֹא־מֵת׃ וַיַּעַל
שָׁאוּל מֵאַחֲרֵי פְּלִשְׁתִּים וּפְלִשְׁתִּים הָלְכוּ לִמְקוֹמָם׃
47 וְשָׁאוּל לָכַד הַמְּלוּכָה עַל־יִשְׂרָאֵל וַיִּלָּחֶם סָבִיב ׀ בְּכָל־
אֹיְבָיו בְּמוֹאָב ׀ וּבִבְנֵי־עַמּוֹן וּבֶאֱדוֹם וּבְמַלְכֵי צוֹבָה
48 וּבַפְּלִשְׁתִּים וּבְכֹל אֲשֶׁר־יִפְנֶה יַרְשִׁיעַ׃ וַיַּעַשׂ חַיִל וַיַּךְ
49 אֶת־עֲמָלֵק וַיַּצֵּל אֶת־יִשְׂרָאֵל מִיַּד שֹׁסֵהוּ׃ וַיִּהְיוּ בְּנֵי
שָׁאוּל יוֹנָתָן וְיִשְׁוִי וּמַלְכִּי־שׁוּעַ וְשֵׁם שְׁתֵּי בְנֹתָיו שֵׁם הַבְּכִירָה
נ מֵרַב וְשֵׁם הַקְּטַנָּה מִיכַל׃ וְשֵׁם אֵשֶׁת שָׁאוּל אֲחִינֹעַם
בַּת־אֲחִימָעַץ וְשֵׁם שַׂר־צְבָאוֹ אֲבִינֵר בֶּן־נֵר דּוֹד שָׁאוּל׃
51 52 וְקִישׁ אֲבִי־שָׁאוּל וְנֵר אֲבִי־אַבְנֵר בֶּן־אֲבִיאֵל׃ וַתְּהִי
הַמִּלְחָמָה חֲזָקָה עַל־פְּלִשְׁתִּים כֹּל יְמֵי שָׁאוּל וְרָאָה שָׁאוּל
כָּל־אִישׁ גִּבּוֹר וְכָל־בֶּן־חַיִל וַיַּאַסְפֵהוּ אֵלָיו׃

## טו

א וַיֹּאמֶר שְׁמוּאֵל אֶל־שָׁאוּל אֹתִי שָׁלַח יְהוָה לִמְשָׁחֳךָ לְמֶלֶךְ
עַל־עַמּוֹ עַל־יִשְׂרָאֵל וְעַתָּה שְׁמַע לְקוֹל דִּבְרֵי יְהוָה׃
2 כֹּה אָמַר יְהוָה צְבָאוֹת פָּקַדְתִּי אֵת אֲשֶׁר־עָשָׂה עֲמָלֵק
3 לְיִשְׂרָאֵל אֲשֶׁר־שָׂם לוֹ בַּדֶּרֶךְ בַּעֲלֹתוֹ מִמִּצְרָיִם׃ עַתָּה
לֵךְ וְהִכִּיתָה אֶת־עֲמָלֵק וְהַחֲרַמְתֶּם אֶת־כָּל־אֲשֶׁר־לוֹ וְלֹא
תַחְמֹל עָלָיו וְהֵמַתָּה מֵאִישׁ עַד־אִשָּׁה מֵעֹלֵל וְעַד־יוֹנֵק

גֶעט אַ גַאנְצֶען (גוֹרָל), אַזוֹי זֶענֶען יוֹנָתָן אוּנְד שָׁאוּל גֶעטְרָאפֶען גֶעוָוארֶען, אוּנְד דָאס פָאלְק אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען: 42 אוּנְד שָׁאוּל הָאט גֶעזָאגְט, וַוארְפְט (גוֹרָל) צְווִישֶׁען מִיר אוּנְד צְווִישֶׁען מֵיין זוּהְן יוֹנָתָן, אַזוֹי אִיז יוֹנָתָן גֶעטְרָאפֶען גֶע־וָוארֶען: 43 אוּנְד שָׁאוּל הָאט גֶעזָאגְט צוּ יוֹנָתָן, זָאג מִיר וָואס דוּא הָאסְט גֶעטְהוּן, אוּנְד יוֹנָתָן הָאט עֶס צוּ אִיהְם דֶערְצֵיילְט, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ הָאבּ נוּר פֶערְזוּכְט אַ בִּיסֶעל הָאנִיג מִיט דֶעם עֶק פוּן דֶעם שְׁטֶעקֶען וָואס אִיז אִין מֵיינֶע הַאנְד, זֶעה, אִיךְ מוּס שְׁטַארְבֶּען: 44 אוּנְד שָׁאוּל הָאט גֶעזָאגְט, אַזוֹי זָאל גָאט צוּ מִיר טְהוּן, אוּנְד אַזוֹי פִיל מֶעהְר, וָוארִין דוּא מוּסְט גֶעוִויס גֶעטֵייט וֶוערֶען, יוֹנָתָן: 45 אוּנְד דָאס פָאלְק הָאט גֶעזָאגְט צוּ שָׁאוּל, זָאל יוֹנָתָן גֶעטֵייט וֶוערֶען וָואס הָאט גֶעטְהוּן דִיא דָאזִיגֶע גְרוֹיסֶע יְשׁוּעָה אִין יִשְׂרָאֵל? חָלִילָה! אַזוֹי וִויא גָאט לֶעבְּט, עֶס זָאל נִיט אַ הָאר פוּן זֵיין קָאפּ אוֹיף דֶער עֶרְד פַאלֶען, וָוארִין עֶר הָאט דָאס מִיט גָאט גֶעטְהוּן דֶעם הֵיינְטִיגֶען טָאג; אַזוֹי הָאט דָאס פָאלְק דֶעם יוֹנָתָן אוֹיסְדֶערְלֵייזְט אוּנְד עֶר אִיז נִיט גֶעשְׁטָארְבֶּען: 46 אוּנְד שָׁאוּל אִיז אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען פוּן הִינְטֶער דִיא פְּלִשְׁתִּים, אוּנְד דִיא פְּלִשְׁתִּים זֶענֶען אַהֵינְגֶעגַאנְגֶען צוּ זֵייעֶר אָרְט: 47 אוּנְד וֶוען שָׁאוּל הָאט אֵיינְגֶענוּמֶען דִיא מְלוּכָה אִיבֶּער יִשְׂרָאֵל, אַזוֹי הָאט עֶר מִלְחָמָה גֶע־הַאלְטֶען מִיט אַלֶע זֵיינֶע פֵיינְדֶע רִינְגְס אַרוּם, מִיט מוֹאָב, אוּנְד מִיט דִיא בְּנֵי עַמּוֹן, אוּנְד מִיט אֱדוֹם, אוּנְד מִיט דִיא קֶענִיגֶע פוּן צוֹבָה, אוּנְד מִיט דִיא פְּלִשְׁתִּים, אוּנְד אִיבֶּעראַל אַהִין וואוּ עֶר הָאט זִיךְ גֶעקֶעהְרְט, הָאט עֶר זֵייא שׁוּלְדִיג גֶעמַאכְט: 48 אוּנְד עֶר הָאט פֶערְזַאמֶעלְט אַ חַיִל אוּנְד הָאט עֲמָלֵק גֶעשְׁלָאגֶען, אוּנְד עֶר הָאט יִשְׂרָאֵל מַצִּיל גֶעוֶועזֶען פוּן זֵיין רוֹיבֶּער: 49 אוּנְד דִיא קִינְדֶער פוּן שָׁאוּל זֶענֶען גֶעוֶועזֶען, יוֹנָתָן, אוּנְד יִשְׁוִי, אוּנְד מַלְכִּישׁוּעַ, אוּנְד דִיא נֶעמֶען פוּן זֵיינֶע צְוֵוייא טֶעכְטֶער וַוארֶען, דֶער נָאמֶען פוּן דִיא עֶלְצְטֶע מֵרַב, אוּנְד פוּן דִיא יוּנְגֶערֶע מִיכָל: 50 אוּנְד דֶער נָאמֶען פוּן שָׁאוּל'ס פְרוֹיא וַואר אֲחִינוֹעַם, טָאכְטֶער פוּן אֲחִימָעַץ, אוּנְד דֶער נָאמֶען פוּן דֶעם אוֹיבֶּערשְׁטֶען אִיבֶּער זֵיין חַיִל וַואר אַבִינֵר דֶער זוּהְן פוּן נֵר, שָׁאוּל'ס פֶעטֶער: 51 אוּנְד קִישׁ אִיז גֶעוֶועזֶען דֶער פָאטֶער פוּן שָׁאוּל, אוּנְד נֵר דֶער פָאטֶער פוּן אַבְנֵר אִיז גֶעוֶועזֶען זוּהְן פוּן אֲבִיאֵל: 52 אוּנְד דִיא מִלְחָמָה אִיז גֶעוֶועזֶען שְׁטַארְק קֶעגֶען דִיא פְּלִשְׁתִּים אַלֶע (לֶעבֶּענְס) טֶעג פוּן שָׁאוּל, אוּנְד וֶוען שָׁאוּל הָאט גֶעזֶעהֶען אִיטְלִיכֶען שְׁטַארְקֶען מַאן, אוּנְד אִיטְלִיכֶען חַיִל'ס מַאן אַזוֹי הָאט עֶר אִיהְם צוּ זִיךְ אֵיינְגֶעזַאמֶעלְט:

## קאפיטעל טו

1 אוּנְד שְׁמוּאֵל הָאט גֶעזָאגְט צוּ שָׁאוּל, גָאט הָאט מִיךְ גֶעשִׁיקְט דִיךְ צוּ זַאלְבֶּען אַלְס קֶענִיג אִיבֶּער זֵיין פָאלְק יִשְׂרָאֵל, אוּנְד אַצוּנְד הֶער צוּ דֶעם קוֹל פוּן דִיא וֶוערְטֶער פוּן גָאט: 2 אַזוֹי זָאגְט יְהֹוָה צְבָאוֹת, אִיךְ גֶעדֶענְק וָואס עֲמָלֵק הָאט גֶעטְהוּן צוּ יִשְׂרָאֵל, וָואס עֶר הָאט צוּ אִיהְם גֶעטְהוּן אוֹיף דֶעם וֶועג וֶוען עֶר אִיז אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען פוּן מִצְרַיִם: 3 אַצוּנְד, גֵייא, שְׁלָאג עֲמָלֵק, אוּנְד אִיהְר זָאלְט זֵייא פֶערְווִיסְטֶען, אוּנְד אַלֶעס וָואס גֶעהֶערְט צוּ אִיהְם, אוּנְד דוּא זָאלְסְט דִיךְ נִיט אִיבֶּער אִיהְם דֶערְבַּארְמֶען, נֵייעֶרְט דוּא זָאלְסְט אִיהְם טֵייטֶען, פוּן אַ מַאן בִּיז צוּ אַ ווייבּ, פוּן אַ יוּנְג קִינְד בִּיז צוּ אַ זֵייגֶענְדִיג קִינְד,

פון

וַיַּגֶּד־לוֹ יְהוֹנָתָן אֵת כָּל־הַדְּבָרִים הָאֵלֶּה וַיָּבֵא יְהוֹנָתָן אֶת־
8 דָּוִד אֶל־שָׁאוּל וַיְהִי לְפָנָיו כְּאֶתְמוֹל שִׁלְשׁוֹם׃ וַתּוֹסֶף
הַמִּלְחָמָה לִהְיוֹת וַיֵּצֵא דָוִד וַיִּלָּחֶם בַּפְּלִשְׁתִּים וַיַּךְ בָּהֶם
9 מַכָּה גְדוֹלָה וַיָּנֻסוּ מִפָּנָיו׃ וַתְּהִי רוּחַ יְהוָה ׀ רָעָה אֶל־
שָׁאוּל וְהוּא בְּבֵיתוֹ יוֹשֵׁב וַחֲנִיתוֹ בְּיָדוֹ וְדָוִד מְנַגֵּן בְּיָד׃
וַיְבַקֵּשׁ שָׁאוּל לְהַכּוֹת בַּחֲנִית בְּדָוִד וּבַקִּיר וַיִּפְטַר מִפְּנֵי
שָׁאוּל וַיַּךְ אֶת־הַחֲנִית בַּקִּיר וְדָוִד נָס וַיִּמָּלֵט בַּלַּיְלָה הוּא׃
11 וַיִּשְׁלַח שָׁאוּל מַלְאָכִים אֶל־בֵּית דָּוִד לְשָׁמְרוֹ וְלַהֲמִיתוֹ
בַּבֹּקֶר וַתַּגֵּד לְדָוִד מִיכַל אִשְׁתּוֹ לֵאמֹר אִם־אֵינְךָ מְמַלֵּט
12 אֶת־נַפְשְׁךָ הַלַּיְלָה מָחָר אַתָּה מוּמָת׃ וַתֹּרֶד מִיכַל אֶת־
13 דָּוִד בְּעַד הַחַלּוֹן וַיֵּלֶךְ וַיִּבְרַח וַיִּמָּלֵט׃ וַתִּקַּח מִיכַל אֶת־
הַתְּרָפִים וַתָּשֶׂם אֶל־הַמִּטָּה וְאֵת כְּבִיר הָעִזִּים שָׂמָה
14 מְרַאֲשֹׁתָיו וַתְּכַס בַּבָּגֶד׃ וַיִּשְׁלַח שָׁאוּל מַלְאָכִים לָקַחַת
טו אֶת־דָּוִד וַתֹּאמֶר חֹלֶה הוּא׃ וַיִּשְׁלַח שָׁאוּל אֶת־הַמַּלְאָכִים
לִרְאוֹת אֶת־דָּוִד לֵאמֹר הַעֲלוּ אֹתוֹ בַמִּטָּה אֵלַי לַהֲמִתוֹ׃
16 וַיָּבֹאוּ הַמַּלְאָכִים וְהִנֵּה הַתְּרָפִים אֶל־הַמִּטָּה וּכְבִיר הָעִזִּים
17 מְרַאֲשֹׁתָיו׃ וַיֹּאמֶר שָׁאוּל אֶל־מִיכַל לָמָּה כָּכָה רִמִּיתִנִי
וַתְּשַׁלְּחִי אֶת־אֹיְבִי וַיִּמָּלֵט וַתֹּאמֶר מִיכַל אֶל־שָׁאוּל הוּא־
18 אָמַר אֵלַי שַׁלְּחִנִי לָמָה אֲמִיתֵךְ׃ וְדָוִד בָּרַח וַיִּמָּלֵט וַיָּבֹא
אֶל־שְׁמוּאֵל הָרָמָתָה וַיַּגֶּד־לוֹ אֵת כָּל־אֲשֶׁר עָשָׂה־לוֹ שָׁאוּל
19 וַיֵּלֶךְ הוּא וּשְׁמוּאֵל וַיֵּשְׁבוּ בְּנָוֹית׃ וַיֻּגַּד לְשָׁאוּל לֵאמֹר
כ הִנֵּה דָוִד בְּנָוֹית בָּרָמָה׃ וַיִּשְׁלַח שָׁאוּל מַלְאָכִים לָקַחַת
אֶת־דָּוִד וַיַּרְא אֶת־לַהֲקַת הַנְּבִיאִים נִבְּאִים וּשְׁמוּאֵל עֹמֵד
נִצָּב עֲלֵיהֶם וַתְּהִי עַל־מַלְאֲכֵי שָׁאוּל רוּחַ אֱלֹהִים וַיִּתְנַבְּאוּ
21 גַּם־הֵמָּה׃ וַיַּגִּדוּ לְשָׁאוּל וַיִּשְׁלַח מַלְאָכִים אֲחֵרִים וַיִּתְנַבְּאוּ
גַּם־הֵמָּה וַיֹּסֶף שָׁאוּל וַיִּשְׁלַח מַלְאָכִים שְׁלִשִׁים וַיִּתְנַבְּאוּ
גַּם־הֵמָּה׃ וַיֵּלֶךְ גַּם־הוּא הָרָמָתָה וַיָּבֹא עַד־בּוֹר הַגָּדוֹל

אונד ער האט צו איהם דערצייהלט אַלע
דיא דאזיגע ווערטער, אונד יהונתן האט
געברענגט דוד צו שאול, אונד ער איז
פאר איהם געוועזען אזוי וויא פריהער:
8 אונד עס איז נאכאַמאל געוועזען אַ
מלחמה, אזוי איז דוד אַרויסגעגאַנגען
אונד האט מלחמה געהאַלטען מיט דיא
פלשתים, אונד ער האט זייא געשלאגען
מיט אַ גרויסען שלאַק, אונד זייא זענען
פאר איהם אַנטלאפען געוואָרען: 9 אונד
אַ שלעכטער גייסט פון גאָט איז געוועזען
אויף שאול, אונד ער איז געזעסען אין
זיין הויז מיט זיין שפיז אין זיינע האַנד,
אונד דוד האט געשפּילט מיט זיינע
האַנד: 10 אונד שאול האט געזוכט דוד
צו שלאגען מיט דעם שפּיז אין דיא
וואַנד, אזוי איז ער אַוועקגעשפּרינגען
פון פאר שאול, אונד ער האט דעם שפּיז
געשלאגען אין דיא וואַנד, אונד דוד איז
אַנטלאפען, אונד איז אַנטרונען געוואָרען
אין דיזעלבּיגע נאַכט: 11 אונד שאול
האט אַהינגעשיקט שלוחים צו דוד'ס
הויז כדי איהם צו היטען, אונד איהם אין
דער פריה צו טייטען, אונד מיכל זיין
ווייב האט צו איהם געזאָגט, ווען דו
וועסט ניט אַנטרינען מיט דיין לעבען
ביי נאַכט אזוי וועסט דו מאָרגען געטייט ווערען: 12 אונד מיכל האט דוד אַרופּ־
געלאָזט דורך דעם פענסטער, אזוי איז ער געגאַנגען, אַנטלאָפען אונד אַנטרונען
געוואָרען: 13 אונד מיכל האט גענומען דיא בּילדער, אונד זיא האט זייא אַריינגע־
לייגט אין בעט, אונד זיא האט אַ קישען פון ציגען האר געלייגט צו קאָפּענס, אונד
זיא האט עס צוגעדעקט מיט אַ קלייד: 14 אונד ווען שאול האט געשיקט שלוחים
כדי דוד צו נעמען, אזוי האט זיא געזאָגט, ער איז קראַנק: 15 אונד שאול האט
(נאכאַמאל) אַהינגעשיקט שלוחים כדי דוד צו זעהען, אזוי צו זאָגען, ברענגט איהם
אַרויף צו מיר מיט דעם בעט, כדי איהם צו טייטען: 16 אונד ווען דיא שלוחים
זענען אַריינגעקומען, זעה, אזוי איז געוועזען אַ בּילד אין דעם בעט אונד אַ קישען
פון ציגען האר צו קאָפּענס: 17 אזוי האט שאול געזאָגט צו מיכל ווארום האסט
דו מיך אזוי גענאַרט, אונד האסט מיין פיינד אַוועקגעשיקט, אונד ער איז אַנטרינען
געוואָרען? אונד מיכל האט געזאָגט צו שאול, ער האט צו מיר געזאָגט, שיק מיך
אַוועק; פאַרוואָס זאָל איך דיך טייטען? 18 אזוי איז דוד אַנטלאָפען אונד אַנטרונען
געוואָרען, אונד ער איז געקומען צו שמואל קיין רמה, אונד ער האט צו איהם
געזאָגט אַלעס וואָס שאול האט צו איהם געטהון, אונד ער אונד שמואל זענען
אַהינגעגאַנגען אונד האָבען געוואוינט אין נָיות: 19 אונד מען האט עס אָנגעזאָגט צו
שאול, זעה, דוד איז אין נָיות אין רמה: 20 אזוי האט שאול אַהינגעשיקט
שלוחים כדי דוד צו נעמען, אונד זייא האָבען געזעהען אַז אַ חברותא פון
נביאים האָבען נביאות געזאָגט, אונד שמואל איז געבען זייא געשטאַנען, אונד
דער גייסט פון גאָט איז געוועזען אויף דיא שלוחים פון שאול, אונד זייא
האָבען אויך נביאות געזאָגט: 21 אונד זייא האָבען עס אָנגעזאָגט צו שאול,
אונד ער האט אַנדערע שלוחים געשיקט אונד זייא האָבען אויך נביאות געזאָגט,
אונד שאול האט נאָך צו דעם דריטען מאָל שלוחים געשיקט, אונד
זייא האָבען אויך נביאות געזאָגט: 22 אזוי איז ער אַליין אויך אַהינ־
געגאַנגען קיין רמה, אונד ער איז אָנגעקומען ביז צו דער גרויסען גרוב

אֲשֶׁר בַּשֶּׂכוּ וַיִּשְׁאַל וַיֹּאמֶר אֵיפֹה שְׁמוּאֵל וְדָוִד וַיֹּאמֶר
23 הִנֵּה בְּנָוֹית בָּרָמָה׃ וַיֵּלֶךְ שָׁם אֶל־נָוֹית בָּרָמָה וַתְּהִי
עָלָיו גַּם־הוּא רוּחַ אֱלֹהִים וַיֵּלֶךְ הָלוֹךְ וַיִּתְנַבֵּא עַד־בֹּאוֹ
24 בְּנָוֹית בָּרָמָה׃ וַיִּפְשַׁט גַּם־הוּא בְּגָדָיו וַיִּתְנַבֵּא גַם־הוּא
לִפְנֵי שְׁמוּאֵל וַיִּפֹּל עָרֹם כָּל־הַיּוֹם הַהוּא וְכָל־הַלָּיְלָה עַל־
כֵּן יֹאמְרוּ הֲגַם שָׁאוּל בַּנְּבִיאִם׃

כ

א וַיִּבְרַח דָּוִד מִנָּוֹית בָּרָמָה וַיָּבֹא וַיֹּאמֶר ׀ לִפְנֵי יְהוֹנָתָן מֶה
עָשִׂיתִי מֶה־עֲוֺנִי וּמֶה־חַטָּאתִי לִפְנֵי אָבִיךָ כִּי מְבַקֵּשׁ אֶת־
2 נַפְשִׁי׃ וַיֹּאמֶר לוֹ חָלִילָה לֹא תָמוּת הִנֵּה לוֹ־עָשָׂה אָבִי
דָּבָר גָּדוֹל אוֹ דָּבָר קָטֹן וְלֹא יִגְלֶה אֶת־אָזְנִי וּמַדּוּעַ יַסְתִּיר
3 אָבִי מִמֶּנִּי אֶת־הַדָּבָר הַזֶּה אֵין זֹאת׃ וַיִּשָּׁבַע עוֹד דָּוִד
וַיֹּאמֶר יָדֹעַ יָדַע אָבִיךָ כִּי־מָצָאתִי חֵן בְּעֵינֶיךָ וַיֹּאמֶר אַל־
יֵדַע־זֹאת יְהוֹנָתָן פֶּן־יֵעָצֵב וְאוּלָם חַי־יְהוָה וְחֵי נַפְשֶׁךָ כִּי
4 כְפֶשַׂע בֵּינִי וּבֵין הַמָּוֶת׃ וַיֹּאמֶר יְהוֹנָתָן אֶל־דָּוִד מַה־תֹּאמַר
ה נַפְשְׁךָ וְאֶעֱשֶׂה־לָּךְ׃ וַיֹּאמֶר דָּוִד אֶל־יְהוֹנָתָן הִנֵּה־חֹדֶשׁ
מָחָר וְאָנֹכִי יָשֹׁב־אֵשֵׁב עִם־הַמֶּלֶךְ לֶאֱכוֹל וְשִׁלַּחְתַּנִי
6 וְנִסְתַּרְתִּי בַשָּׂדֶה עַד הָעֶרֶב הַשְּׁלִשִׁית׃ אִם־פָּקֹד יִפְקְדֵנִי
אָבִיךָ וְאָמַרְתָּ נִשְׁאֹל נִשְׁאַל מִמֶּנִּי דָוִד לָרוּץ בֵּית־לֶחֶם
7 עִירוֹ כִּי זֶבַח הַיָּמִים שָׁם לְכָל־הַמִּשְׁפָּחָה׃ אִם־כֹּה יֹאמַר
טוֹב שָׁלוֹם לְעַבְדֶּךָ וְאִם־חָרֹה יֶחֱרֶה לוֹ דַּע כִּי־כָלְתָה
8 הָרָעָה מֵעִמּוֹ׃ וְעָשִׂיתָ חֶסֶד עַל־עַבְדֶּךָ כִּי בִּבְרִית יְהוָה
הֵבֵאתָ אֶת־עַבְדְּךָ עִמָּךְ וְאִם־יֶשׁ־בִּי עָוֺן הֲמִיתֵנִי אַתָּה וְעַד־
9 אָבִיךָ לָמָּה־זֶּה תְבִיאֵנִי׃ וַיֹּאמֶר יְהוֹנָתָן חָלִילָה לָּךְ כִּי ׀
אִם־יָדֹעַ אֵדַע כִּי־כָלְתָה הָרָעָה מֵעִם אָבִי לָבוֹא עָלֶיךָ וְלֹא
אֹתָהּ אַגִּיד לָךְ׃ וַיֹּאמֶר דָּוִד אֶל־יְהוֹנָתָן מִי יַגִּיד לִי אוֹ
11 מַה־יַּעַנְךָ אָבִיךָ קָשָׁה׃ וַיֹּאמֶר יְהוֹנָתָן אֶל־דָּוִד לְכָה וְנֵצֵא

וָואס איז אִין שֵׂכוּ, אוּנְד עֶר הָאט גֶעפְרֶעגְט אוּנְד גֶעזָאגְט, אַװאוּ איז שְׁמוּאֵל אוּנְד דָוִד? אוּנְד אֵיינֶער הָאט גֶעזָאגְט, זֶעה אִין נָיוֹת אִין רָמָה: 23 אוּנְד עֶר אִיז דָארְט אַהִינְגֶעגַאנְגֶען קֵיין נָיוֹת אִין רָמָה, אוּנְד דֶער גֵייסְט פוּן גָאט אִיז אוֹיךְ אוֹיף אִיהְם גֶעוֶועזֶען, אוּנְד אַזוֹי וִויא עֶר אִיז גֶעגַאנְגֶען הָאט עֶר נְבִיאוֹת גֶעזָאגְט בִּיז עֶר אִיז אָנְגֶעקוּמֶען אִין נָיוֹת אִין רָמָה: 24 אוּנְד עֶר הָאט אוֹיךְ אָפְּגֶעטְהוּן זֵיינֶע קְלֵיידֶער, אוּנְד עֶר הָאט אוֹיךְ נְבִיאוֹת גֶעזָאגְט פָאר שְׁמוּאֵל, אוּנְד עֶר אִיז אַנִידֶערְגֶעפַאלֶען נַאקֶעט דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען גַאנְצֶען טָאג אוּנְד דִיא גַאנְצֶע נַאכְט, דַארוּם הָאט מֶען גֶעזָאגְט;—אִיז אוֹיךְ שָׁאוּל צְוִוישֶׁען דִיא נְבִיאִים?

## קאפיטעל כ

1 אוּנְד דָוִד אִיז אַנְטְלָאפֶען אוֹיס נָיוֹת אִין רָמָה, אוּנְד וֶוען עֶר אִיז גֶעקוּמֶען הָאט עֶר גֶעזָאגְט פָאר יְהוֹנָתָן, וָואס הָאבּ אִיךְ גֶעטְהוּן? וָואס אִיז מֵיינֶע זִינְד, אוּנְד וָואס הָאבּ אִיךְ גֶעזִינְדִיגְט פָאר דֵיין פָאטֶער אַז עֶר זוּכְט מֵיין לֶעבֶּען? 2 אוּנְד עֶר הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, חָלִילָה! דוּא וֶועסְט נִיט שְׁטַארְבֶּען, זֶעה, מֵיין פָאטֶער (טְהוּט) נִיט קֵיינֶע גְרוֹיסֶע אָדֶער קְלֵיינֶע זַאךְ אַז עֶר זָאל דָאס נִיט אַנְטפְּלֶעקֶען פַאר מֵיינֶע אוֹירֶען, אוּנְד פַארְוָואס זָאל מֵיין פָאטֶער פוּן מִיר פֶערְבָּארְגֶען דִיא דָאזִיגֶע זַאךְ? עֶס אִיז נִיט אַזוֹי: 3 אוּנְד דָוִד הָאט נָאךְ גֶעשְׁווָאוֹירֶען אוּנְד גֶעזָאגְט, דֵיין פָאטֶער וֵוייסְט גֶעוִויס אַז אִיךְ הָאבּ גֶעפוּנֶען חֵן אִין דֵיינֶע אוֹיגֶען, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, יְהוֹנָתָן זָאל דָאס נִיט וִויסֶען, טָאמֶער וֶועט עֶר זִיךְ בֶּעטְרִיבֶּען, אָבֶּער אַזוֹי וָואהְר וִויא גָאט לֶעבְּט, אוּנְד אַזוֹי וִויא דוּא לֶעבְּסְט, עֶס אִיז נוּר אֵיין שְׁרִיט צְוִוישֶׁען מִיר אוּנְד דֶעם טוֹיט: 4 אוּנְד יְהוֹנָתָן הָאט גֶעזָאגְט צוּ דָוִד, וָואס דֵיינֶע זֶעלֶע פֶערְלַאנְגְט דָאס וֶועל אִיךְ צוּ דִיר טְהוּן: 5 אוּנְד דָוִד הָאט גֶעזָאגְט צוּ יְהוֹנָתָן, זֶעה מָארְגֶען אִיז רֹאשׁ חֹדֶשׁ, אוּנְד אִיךְ פְּלֶעג זִיצֶען מִיט דֶעם קֶענִיג צוּ עֶסֶען, (אַזוֹי בֶּעט אִיךְ דִיךְ) אַז דוּא זָאלְסְט מִיךְ אַוֶועקְשִׁיקֶען, אוּנְד אִיךְ וֶועל מִיךְ בֶּעהַאלְטֶען אוֹיף דֶעם פֶעלְד בִּיז צוּ דֶעם דְרִיטֶען אָבֶענְד: 6 וֶוען דֵיין פָאטֶער וֶועט אַן מִיר גֶעדֶענְקֶען, אוּנְד וֶועט אוֹיף מִיר פְרֶעגֶען אַזוֹי זָאלְסְט דוּא זָאגֶען דָוִד הָאט פוּן מִיר שְׁטַארְק גֶעבֶּעטֶען צוּ עֶר קֶען לוֹיפֶען קֵיין בֵּית לֶחֶם, זֵיינֶע שְׁטָאט, וָוארִין עֶס אִיז דָארְטֶען אַלֶע יָאהְר אַ שֶׁעכְטוּנְג (פוּן קָרְבָּנוֹת) צוּ דֶער גַאנְצֶען מִשְׁפָּחָה: 7 אוּנְד וֶוען עֶר וֶועט זָאגֶען, עֶס אִיז גוּט, אַזוֹי וֶועט דֵיין קְנֶעכְט הָאבֶּען שָׁלוֹם, אָבֶּער וֶוען זֵיין צָארְן וֶועט דֶערגְרִימֶען, אַזוֹי זָאלְסְט דוּא וִויסֶען אַז דָאס שְׁלֶעכְטֶע הָאט זִיךְ פוּן אִיהְם פֶערְלֶענְט: 8 אוּנְד דוּא זָאלְסְט טְהוּן חֶסֶד מִיט דֵיין קְנֶעכְט, וָוארִין דוּא הָאסְט דֵיין קְנֶעכְט מִיט דִיר אַרֵיינְגֶעבְּרֶענְגְט אִין דֶעם בְּרִית פוּן גָאט, אוּנְד וֶוען עֶס אִיז אִין מִיר פֶערְהַאנְדֶען אַ זִינְד אַזוֹי זָאלְסְט דוּא מִיךְ טֵייטֶען, אָבֶּער פַארְוָואס זָאלְסְט דוּא מִיךְ בְּרֶענְגֶען בִּיז צוּ דֵיין פָאטֶער? 9 אוּנְד יְהוֹנָתָן הָאט גֶעזָאגְט, חָלִילָה! עֶס זָאל פֶערְמִיטֶען זֵיין פוּן דִיר אוֹיבּ אִיךְ וֵוייס אַז דָאס שְׁלֶעכְטֶע הָאט זִיךְ פֶערְלֶענְט פוּן מֵיין פָאטֶער אוֹיף דִיר צוּ קוּמֶען, אוּנְד אִיךְ זָאל עֶס דִיר נִיט אָנְזָאגֶען: 10 אוּנְד דָוִד הָאט גֶעזָאגְט צוּ יְהוֹנָתָן, וֶוער וֶועט עֶס מִיר זָאגֶען? אָדֶער וָואס דֵיין פָאטֶער וֶועט דִיר הַארְט עֶנְטְפֶערְן? 11 אוּנְד יְהוֹנָתָן הָאט גֶעזָאגְט צוּ דָוִד, קוּם לָאזֶען מִיר אַרוֹיסְגֵיין

אויף

הַשָּׂדֶה וַיֵּצְאוּ שְׁנֵיהֶם הַשָּׂדֶה׃ וַיֹּאמֶר יְהוֹנָתָן אֶל־דָּוִד 12
יְהוָה אֱלֹהֵי יִשְׂרָאֵל כִּי־אֶחְקֹר אֶת־אָבִי כָּעֵת ׀ מָחָר
הַשְּׁלִשִׁית וְהִנֵּה־טוֹב אֶל־דָּוִד וְלֹא־אָז אֶשְׁלַח אֵלֶיךָ וְגָלִיתִי
אֶת־אָזְנֶךָ׃ כֹּה־יַעֲשֶׂה יְהוָה לִיהוֹנָתָן וְכֹה יֹסִיף כִּי־יֵיטִב 13
אֶל־אָבִי אֶת־הָרָעָה עָלֶיךָ וְגָלִיתִי אֶת־אָזְנֶךָ וְשִׁלַּחְתִּיךָ
וְהָלַכְתָּ לְשָׁלוֹם וִיהִי יְהוָה עִמָּךְ כַּאֲשֶׁר הָיָה עִם־אָבִי׃
וְלֹא אִם־עוֹדֶנִּי חָי וְלֹא־תַעֲשֶׂה עִמָּדִי חֶסֶד יְהוָה וְלֹא אָמוּת׃ 14
וְלֹא־תַכְרִית אֶת־חַסְדְּךָ מֵעִם בֵּיתִי עַד־עוֹלָם וְלֹא בְּהַכְרִת טו
יְהוָה אֶת־אֹיְבֵי דָוִד אִישׁ מֵעַל פְּנֵי הָאֲדָמָה׃ וַיִּכְרֹת יְהוֹנָתָן 16
עִם־בֵּית דָּוִד וּבִקֵּשׁ יְהוָה מִיַּד אֹיְבֵי דָוִד׃ וַיּוֹסֶף יְהוֹנָתָן 17
לְהַשְׁבִּיעַ אֶת־דָּוִד בְּאַהֲבָתוֹ אֹתוֹ כִּי־אַהֲבַת נַפְשׁוֹ אֲהֵבוֹ׃
וַיֹּאמֶר־לוֹ יְהוֹנָתָן מָחָר חֹדֶשׁ וְנִפְקַדְתָּ כִּי יִפָּקֵד 18
מוֹשָׁבֶךָ׃ וְשִׁלַּשְׁתָּ תֵּרֵד מְאֹד וּבָאתָ אֶל־הַמָּקוֹם אֲשֶׁר־ 19
נִסְתַּרְתָּ שָּׁם בְּיוֹם הַמַּעֲשֶׂה וְיָשַׁבְתָּ אֵצֶל הָאֶבֶן הָאָזֶל׃
וַאֲנִי שְׁלֹשֶׁת הַחִצִּים צִדָּה אוֹרֶה לְשַׁלַּח־לִי לְמַטָּרָה׃ כ
וְהִנֵּה אֶשְׁלַח אֶת־הַנַּעַר לֵךְ מְצָא אֶת־הַחִצִּים אִם־אָמֹר 21
אֹמַר לַנַּעַר הִנֵּה הַחִצִּים ׀ מִמְּךָ וָהֵנָּה קָחֶנּוּ וָבֹאָה כִּי־שָׁלוֹם
לְךָ וְאֵין דָּבָר חַי־יְהוָה׃ וְאִם־כֹּה אֹמַר לָעֶלֶם הִנֵּה הַחִצִּים 22
מִמְּךָ וָהָלְאָה לֵךְ כִּי שִׁלַּחֲךָ יְהוָה׃ וְהַדָּבָר אֲשֶׁר דִּבַּרְנוּ 23
אֲנִי וָאָתָּה הִנֵּה יְהוָה בֵּינִי וּבֵינְךָ עַד־עוֹלָם׃ וַיִּסָּתֵר 24
דָּוִד בַּשָּׂדֶה וַיְהִי הַחֹדֶשׁ וַיֵּשֶׁב הַמֶּלֶךְ עַל־הַלֶּחֶם לֶאֱכוֹל׃
וַיֵּשֶׁב הַמֶּלֶךְ עַל־מוֹשָׁבוֹ כְּפַעַם ׀ בְּפַעַם אֶל־מוֹשַׁב הַקִּיר כה
וַיָּקָם יְהוֹנָתָן וַיֵּשֶׁב אַבְנֵר מִצַּד שָׁאוּל וַיִּפָּקֵד מְקוֹם דָּוִד׃
וְלֹא־דִבֶּר שָׁאוּל מְאוּמָה בַּיּוֹם הַהוּא כִּי אָמַר מִקְרֶה 26
הוּא בִּלְתִּי טָהוֹר הוּא כִּי־לֹא טָהוֹר׃ וַיְהִי מִמָּחֳרַת 27
הַחֹדֶשׁ הַשֵּׁנִי וַיִּפָּקֵד מְקוֹם דָּוִד וַיֹּאמֶר שָׁאוּל אֶל־יְהוֹנָתָן
בְּנוֹ מַדּוּעַ לֹא־בָא בֶן־יִשַׁי גַּם־תְּמוֹל גַּם־הַיּוֹם אֶל־הַלָּחֶם׃

אוֹיף דֶעם פֶעלְד; אַזוֹי זֶענֶען בֵּיידֶע
אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען אוֹיף דֶעם פֶעלְד: 12 אוּנְד
יְהוֹנָתָן הָאט גֶעזָאגְט צוּ דָוִד, (אִיךְ שְׁוֶוער)
בַּייא יְהוָֹה דֶעם גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל אַז וֶוען
אִיךְ הָאבּ גֶעפָּארְשְׁט מֵיין פָּאטֶער מָארְגֶען
אוּם דִיזֶער צַייט, (אָדֶער) אַם דְרִיטֶען
טָאג, אוּנְד זֶעה, וֶוען עֶס אִיז גוּטֶעס אִיבֶּער
דָוִד, אוּנְד אִיךְ וֶועל עֶס דִיר נִיט שִׁיקֶען
אוּנְד מְגַלֶּה זַיין: 13 אַזוֹי זָאל גָאט טְהוּן
מִיט יְהוֹנָתָן אוּנְד נָאךְ מֶעהְר; אָבֶּער וֶוען
עֶס גֶעפֶעלְט מֵיין פָאטֶער דִיר שְׁלֶעכְטֶעס
צוּ טְהוּן אַזוֹי וֶועל אִיךְ עֶס אוֹיךְ צוּ דִיר
מְגַלֶּה זַיין, אוּנְד וֶועל דִיךְ אַוֶועקְשִׁיקֶען,
אַז דוּא זָאלְסְט גֵיין בְּשָׁלוֹם, אוּנְד גָאט
וֶועט זַיין מִיט דִיר אַזוֹי וִוִיא עֶר אִיז
גֶעוֶועזֶען מִיט מֵיין פָאטֶער: 14 אוּנְד
דוּא זָאלְסְט נִיט נָאר מִיט מִיר טְהוּן חֶסֶד
פוּן גָאט וַוייל אִיךְ נָאךְ לֶעבּ, אַז אִיךְ
זָאל נִיט שְׁטַארְבֶּען; 15 אָבֶּער דוּא זָאלְסְט
נִיט פֶערְשְׁנַיידֶען דַיין חֶסֶד פוּן מֵיין הוֹיזְ־
גֶעזִינְד אוֹיף אֵייבִּיג, אוּנְד אוֹיךְ נִיט אַ
מָאל וֶוען גָאט וֶועט פֶערְטִילְגֶען דִיא
פַיינְד פוּן דָוִד אִיטְלִיכֶען מַאן פוּן דֶער
עֶרְד: 16 אַזוֹי הָאט יְהוֹנָתָן כּוֹרֵת בְּרִית גֶעוֶועזֶען מִיט דָוִד'ס הוֹיזְגֶעזִינְד, וָוארִין גָאט
הָאט עֶס גֶעזוּכְט פוּן דִיא הַאנְד פוּן דָוִד'ס פַיינְד: 17 אוּנְד יְהוֹנָתָן הָאט נָאכְאַמָאל דָוִד
גֶעמַאכְט שְׁוֶוערֶען וַוייל עֶר הָאט אִיהְם גֶעלִיבְּט, וָוארִין עֶר הָאט אִיהְם גֶעלִיבְּט וִויא
זִיךְ אַלֵיין: 18 אוּנְד יְהוֹנָתָן הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, מָארְגֶען אִיז רֹאשׁ חֹדֶשׁ, אוּנְד וֶוען
דוּא וֶועסְט פֶעהְלֶען, וָוארִין דַיין שְׁטוּהְל וֶועט זַיין לֶעדִיג: 19 אוּנְד אַן דֶעם דְרִיטֶען
טָאג זָאלְסְט דוּא גֶעשְׁוִוינְד אַרוּפְּגֵיין, אוּנְד דוּא זָאלְסְט קוּמֶען צוּ דֶעם אָרְט אַוְואוּ דוּא
הָאסְט דִיךְ דָארְט בֶּעהַאלְטֶען אִין דֶעם טָאג וֶוען עֶס אִיז גֶעשֶׁעהֶען, אוּנְד דוּא זָאלְסְט
בְּלֵייבֶּען בַּייא דֶעם שְׁטֵיין אָזֶל: 20 אוּנְד וֶוען אִיךְ וֶועל שִׁיסֶען דְרַייא פַיילֶען אַן דֶער
זַייט דַאפוּן אַזוֹי וִויא אִיךְ הֶעט גֶעשָׁאסֶען צוּ אַ צִיל: 21 אוּנְד זֶעה, וֶוען אִיךְ וֶועל
אַהִינְשִׁיקֶען דֶעם יוּנְג אַז עֶר זָאל גֶעפִינֶען דִיא פַיילֶען, אוּנְד אִיךְ וֶועל צוּ דֶעם יוּנְג
זָאגֶען, זֶעה, דִיא פַיילֶען זֶענֶען (נִיט וַוייט) פוּן דִיא זַייט נֶעם זַייא, אַזוֹי זָאלְסְט דוּא
זַייא נֶעמֶען אוּנְד בְּרֶענְגֶען, וָוארִין עֶס אִיז שָׁלוֹם צוּ דִיר, אוּנְד קֵיין שׁוּם בֵּייזֶעס, אַזוֹי
וָואהְר וִויא יְהוָֹה לֶעבְּט: 22 אוּנְד וֶוען אִיךְ וֶועל זָאגֶען צוּ דֶעם יוּנְג, זֶעה, דִיא פַיילֶען
זֶענֶען וַוייט פוּן דִיר, אַזוֹי גֵייא וַוייטֶער, וָוארִין גָאט הָאט דִיךְ אַוֶועקְגֶעשִׁיקְט: 23 אוּנְד
וֶועגֶען דִיא זַאךְ וָואס מִיר הָאבֶּען מִיט אַנַאנְדֶער גֶערֶעט, זֶעה, גָאט אִיז אֵיין עֵדוּת
צְוִוישֶׁען אוּנְס אוֹיף עֶבִּיג: 24 אַזוֹי הָאט זִיךְ דָוִד בֶּעהַאלְטֶען אוֹיף דֶעם פֶעלְד;
אוּנְד וֶוען עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען רֹאשׁ חֹדֶשׁ, אַזוֹי הָאט זִיךְ דֶער קֶענִיג אַנִידֶערְגֶעזֶעצְט צוּ
דֶעם עֶסֶען: 25 אוּנְד וֶוען דֶער קֶענִיג אִיז גֶעזֶעסֶען אוֹיף זַיין זִיץ, אַזוֹי וִויא גֶעוֶועהְנְ־
לִיךְ, אוֹיף דֶעם גֶעזֶעס וָואס אִיז אַן דֶער וַואנְד, אַזוֹי אִיז יְהוֹנָתָן אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען אוּנְד
אַבְנֵר הָאט זִיךְ גֶעזֶעצְט אַן דֶער זַייט פוּן שָׁאוּל, אוּנְד דָוִד'ס פְּלַאץ הָאט גֶעפֶעהְלְט:
26 אוּנְד שָׁאוּל הָאט דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען טָאג גָארְנִיט גֶערֶעט, וָוארִין עֶר הָאט גֶעטְרַאכְט
טָאמֶער הָאט אִיהְם עֶטְוָואס בֶּעגֶעגֶענְט דָאס עֶר אִיז נִיט רֵיין, וָוארִין עֶר וַואר נִיט רֵיין:
27 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אַן דֶעם אַנְדֶערְן טָאג פוּן דֶעם חֹדֶשׁ, אַזוֹי הָאט דָוִד'ס
פְּלַאץ אוֹיךְ גֶעפֶעהְלְט, אוּנְד שָׁאוּל הָאט גֶעזָאגְט צוּ זַיין זוּהְן יְהוֹנָתָן, פַארְוָואס אִיז
נִיט דֶער זוּהְן פוּן יִשַׁי גֶעקוּמֶען צוּ דֶעם עֶסֶען, אוֹיךְ נִיט נֶעכְטֶען אוּנְד אוֹיךְ נִיט הֵיינְט?

28 וַיַּעַן יְהוֹנָתָן אֶת־שָׁאוּל נִשְׁאֹל נִשְׁאַל דָּוִד מֵעִמָּדִי עַד־בֵּית
29 לָחֶם׃ וַיֹּאמֶר שַׁלְּחֵנִי נָא כִּי זֶבַח מִשְׁפָּחָה לָנוּ בָּעִיר וְהוּא
צִוָּה־לִי אָחִי וְעַתָּה אִם־מָצָאתִי חֵן בְּעֵינֶיךָ אִמָּלְטָה נָּא
וְאֶרְאֶה אֶת־אֶחָי עַל־כֵּן לֹא־בָא אֶל־שֻׁלְחַן הַמֶּלֶךְ׃
ל וַיִּחַר־אַף שָׁאוּל בִּיהוֹנָתָן וַיֹּאמֶר לוֹ בֶּן־נַעֲוַת הַמַּרְדּוּת
הֲלוֹא יָדַעְתִּי כִּי־בֹחֵר אַתָּה לְבֶן־יִשַׁי לְבָשְׁתְּךָ וּלְבֹשֶׁת
31 עֶרְוַת אִמֶּךָ׃ כִּי כָל־הַיָּמִים אֲשֶׁר בֶּן־יִשַׁי חַי עַל־הָאֲדָמָה
לֹא תִכּוֹן אַתָּה וּמַלְכוּתֶךָ וְעַתָּה שְׁלַח וְקַח אֹתוֹ אֵלַי כִּי
32 בֶן־מָוֶת הוּא׃ וַיַּעַן יְהוֹנָתָן אֶת־שָׁאוּל אָבִיו וַיֹּאמֶר אֵלָיו
33 לָמָּה יוּמַת מֶה עָשָׂה׃ וַיָּטֶל שָׁאוּל אֶת־הַחֲנִית עָלָיו
לְהַכֹּתוֹ וַיֵּדַע יְהוֹנָתָן כִּי־כָלָה הִיא מֵעִם אָבִיו לְהָמִית אֶת־
34 דָּוִד׃ וַיָּקָם יְהוֹנָתָן מֵעִם הַשֻּׁלְחָן בָּחֳרִי־אָף וְלֹא־אָכַל
בְּיוֹם־הַחֹדֶשׁ הַשֵּׁנִי לֶחֶם כִּי נֶעְצַב אֶל־דָּוִד כִּי הִכְלִמוֹ
לה אָבִיו׃ וַיְהִי בַבֹּקֶר וַיֵּצֵא יְהוֹנָתָן הַשָּׂדֶה לְמוֹעֵד דָּוִד
36 וְנַעַר קָטֹן עִמּוֹ׃ וַיֹּאמֶר לְנַעֲרוֹ רֻץ מְצָא נָא אֶת־הַחִצִּים
אֲשֶׁר אָנֹכִי מוֹרֶה הַנַּעַר רָץ וְהוּא־יָרָה הַחֵצִי לְהַעֲבִרוֹ׃
37 וַיָּבֹא הַנַּעַר עַד־מְקוֹם הַחֵצִי אֲשֶׁר יָרָה יְהוֹנָתָן וַיִּקְרָא
יְהוֹנָתָן אַחֲרֵי הַנַּעַר וַיֹּאמֶר הֲלוֹא הַחֵצִי מִמְּךָ וָהָלְאָה׃
38 וַיִּקְרָא יְהוֹנָתָן אַחֲרֵי הַנַּעַר מְהֵרָה חוּשָׁה אַל־תַּעֲמֹד וַיְלַקֵּט
39 נַעַר יְהוֹנָתָן אֶת־הַחִצִּי וַיָּבֹא אֶל־אֲדֹנָיו׃ וְהַנַּעַר לֹא־יָדַע
מ מְאוּמָה אַךְ יְהוֹנָתָן וְדָוִד יָדְעוּ אֶת־הַדָּבָר׃ וַיִּתֵּן יְהוֹנָתָן
אֶת־כֵּלָיו אֶל־הַנַּעַר אֲשֶׁר־לוֹ וַיֹּאמֶר לוֹ לֵךְ הָבֵיא הָעִיר׃
41 הַנַּעַר בָּא וְדָוִד קָם מֵאֵצֶל הַנֶּגֶב וַיִּפֹּל לְאַפָּיו אַרְצָה וַיִּשְׁתַּחוּ
שָׁלֹשׁ פְּעָמִים וַיִּשְּׁקוּ ׀ אִישׁ אֶת־רֵעֵהוּ וַיִּבְכּוּ אִישׁ אֶת־רֵעֵהוּ
42 עַד־דָּוִד הִגְדִּיל׃ וַיֹּאמֶר יְהוֹנָתָן לְדָוִד לֵךְ לְשָׁלוֹם אֲשֶׁר
נִשְׁבַּעְנוּ שְׁנֵינוּ אֲנַחְנוּ בְּשֵׁם יְהוָה לֵאמֹר יְהוָה יִהְיֶה ׀ בֵּינִי
וּבֵינֶךָ וּבֵין זַרְעִי וּבֵין זַרְעֲךָ עַד־עוֹלָם׃

28 אזוי האט יהונתן געענטפערט שאול, דוד האט מיך זעהר געבעטען (אוב ער מעג גיין) ביז קיין בית לחם: 29 ער האט געזאגט, איך בעט דיך, שיק מיך, וואריין עס איז א שעכטונג פון קרבנות צו אונזערע משפחה אין דער שטאט, אונד מיין ברודער האט מיר בעפוילען (דארט צו זיין) אונד אצונד ווען איך האב געפונען חן אין דיינע אויגען, לאז מיך אוועקגיין אז איך זאל זעהען מיינע ברידער, דארום איז ער ניט געקומען צו דעם טיש פון דעם קעניג: 30 אונד דער צארן פון שאול האט דערגרימט איבער יהונתן, אונד ער האט צו איהם געזאגט, דוא זוהן פון דער פערוואגלערין, ווייס איך דען ניט אז דוא האסט אויס־דערוויילט דעם זוהן פון ישי צו דיינער שאנד, אונד צו דיא שאנד פון דיא נאקעטהייט פון דיינע מוטער? 31 וואריין אלע טעג וואס דער זוהן פון ישי וועט לעבען אויף דער ערד, וועסט דוא ניט בעשטיין אונד אויך ניט דיין מלכות; אונד אצונד שיק אונד נעם איהם אהער צו מיר, וואריין ער איז חיב מיתה: 32 אונד יהונתן האט געענטפערט זיין פאטער שאול, אונד ער האט צו איהם געזאגט, פארוואס זאל ער שטארבען? וואס האט ער געטהון? 33 אזוי האט שאול אויף איהם געווארפען דעם שפיז אום איהם צו דערשלאגען, אונד יהונתן האט דורך דעם געוואוסט אז זיין פאטער האט זיך גאנץ פארגענומען צו טייטען דוד: 34 אזוי איז יהונתן אויפגעשטאנען פון דעם טיש מיט גרימצארן, אונד ער האט דעם אנדערן טאג אין חדש ניט קיין ברויט געגעסען, וואריין ער האט זיך בעטריבט וועגען דוד ווייל זיין פאטער האט איהם פערשעהמט: 35 אונד עס איז געוועזען אין דער פריה אזוי איז יהונתן ארויסגעגאנגען אויף דעם פעלד צו דער בעשטימטע צייט מיט דוד, אונד א קליינער יונג איז מיט איהם געוועזען: 36 אונד ער האט געזאגט צו זיין יונג, לויף אונד געפין דיא פיילען וואס איך שיס, אונד וויא דער יונג איז געלאפען אזוי האט ער פאר איהם פערבייא געשאסען א פייל: 37 אונד ווען דער יונג איז אנגעקומען צו דעם ארט אוואו יהונתן האט געשאסען דיא פייל, אזוי האט יהונתן גערופען נאך דעם יונג אונד ער האט געזאגט, איז ניט דיא פייל ווייטער פון דיר? 38 אונד יהונתן האט נאכגערופען צו דעם יונג, אייל דיך געשווינד, אונד זוים דיך ניט, אזוי האט יהונתן'ס יונג אויפגעקליבען דיא פיילען אונד ער האט זייא געברענגט צו זיין האר: 39 אבער דער יונג האט גארניט געוואוסט, נור יהונתן אונד דוד האבען פון דער זאך גע־וואוסט: 40 אונד יהונתן האט געגעבען זיין כלי זיין צו זיין יונג, אונד ער האט צו איהם געזאגט, גייא ברענג זייא אין דער שטאט אריין: 41 אונד ווען דער יונג איז אנגעקומען אזוי איז דוד אויפגעשטאנען בייא דער דרום־זייט, אונד ער איז געפאלען אויף זיין פנים צו דער ערד אונד ער האט זיך דרייא מאל געביקט, אונד זייא האבען איינער דעם אנדערן געקישט, אונד זייא האבען מיט אנאנדער געוויינט, אבער דוד האט מעהר געוויינט: 42 אונד יהונתן האט געזאגט צו דוד, גייא בשלום, אונד דיא שבועה וואס מיר האבען ביידע געשוואוירען בייא דעם נאמען פון יהוה, אזוי צו זאגען, יהוה זאל זיין צווישען מיר אונד צווישען דיר, צווישען מיין זאמען אונד צווישען דיין זאמען ביז אויף אייביג:

כא

וַיָּקָם וַיֵּלַךְ וִיהוֹנָתָן בָּא הָעִיר׃ וַיָּבֹא דָוִד נֹבֶה אֶל־ א 2
אֲחִימֶלֶךְ הַכֹּהֵן וַיֶּחֱרַד אֲחִימֶלֶךְ לִקְרַאת דָּוִד וַיֹּאמֶר
לוֹ מַדּוּעַ אַתָּה לְבַדֶּךָ וְאִישׁ אֵין אִתָּךְ׃ וַיֹּאמֶר דָּוִד 3
לַאֲחִימֶלֶךְ הַכֹּהֵן הַמֶּלֶךְ צִוַּנִי דָבָר וַיֹּאמֶר אֵלַי אִישׁ אַל־
יֵדַע מְאוּמָה אֶת־הַדָּבָר אֲשֶׁר־אָנֹכִי שֹׁלֵחֲךָ וַאֲשֶׁר צִוִּיתִךָ
וְאֶת־הַנְּעָרִים יוֹדַעְתִּי אֶל־מְקוֹם פְּלֹנִי אַלְמוֹנִי׃ וְעַתָּה מַה־ 4
יֵּשׁ תַּחַת־יָדְךָ חֲמִשָּׁה־לֶחֶם תְּנָה בְיָדִי אוֹ הַנִּמְצָא׃
וַיַּעַן הַכֹּהֵן אֶת־דָּוִד וַיֹּאמֶר אֵין־לֶחֶם חֹל אֶל־תַּחַת יָדִי ה
כִּי־אִם־לֶחֶם קֹדֶשׁ יֵשׁ אִם־נִשְׁמְרוּ הַנְּעָרִים אַךְ מֵאִשָּׁה׃
וַיַּעַן דָּוִד אֶת־הַכֹּהֵן וַיֹּאמֶר לוֹ כִּי אִם־אִשָּׁה עֲצֻרָה־ 6
לָנוּ כִּתְמוֹל שִׁלְשֹׁם בְּצֵאתִי וַיִּהְיוּ כְלֵי־הַנְּעָרִים קֹדֶשׁ וְהוּא
דֶּרֶךְ חֹל וְאַף כִּי־הַיּוֹם יִקְדַּשׁ בַּכֶּלִי׃ וַיִּתֶּן־לוֹ הַכֹּהֵן קֹדֶשׁ 7
כִּי לֹא־הָיָה שָׁם לֶחֶם כִּי־אִם־לֶחֶם הַפָּנִים הַמּוּסָרִים
מִלִּפְנֵי יְהוָה לָשׂוּם לֶחֶם חֹם בְּיוֹם הִלָּקְחוֹ׃ וְשָׁם אִישׁ 8
מֵעַבְדֵי שָׁאוּל בַּיּוֹם הַהוּא נֶעְצָר לִפְנֵי יְהוָה וּשְׁמוֹ דֹּאֵג
הָאֲדֹמִי אַבִּיר הָרֹעִים אֲשֶׁר לְשָׁאוּל׃ וַיֹּאמֶר דָּוִד 9
לַאֲחִימֶלֶךְ וְאִין יֶשׁ־פֹּה תַחַת־יָדְךָ חֲנִית אוֹ־חָרֶב כִּי גַם־
חַרְבִּי וְגַם־כֵּלַי לֹא־לָקַחְתִּי בְיָדִי כִּי־הָיָה דְבַר־הַמֶּלֶךְ
נָחוּץ׃ וַיֹּאמֶר הַכֹּהֵן חֶרֶב גָּלְיָת הַפְּלִשְׁתִּי אֲשֶׁר־
הִכִּיתָ ׀ בְּעֵמֶק הָאֵלָה הִנֵּה־הִיא לוּטָה בַשִּׂמְלָה אַחֲרֵי
הָאֵפוֹד אִם־אֹתָהּ תִּקַּח־לְךָ קָח כִּי אֵין אַחֶרֶת זוּלָתָהּ
בָּזֶה • וַיֹּאמֶר דָּוִד אֵין כָּמוֹהָ תְּנֶנָּה לִּי׃ וַיָּקָם 11
דָּוִד וַיִּבְרַח בַּיּוֹם־הַהוּא מִפְּנֵי שָׁאוּל וַיָּבֹא אֶל־אָכִישׁ
מֶלֶךְ גַּת׃ וַיֹּאמְרוּ עַבְדֵי אָכִישׁ אֵלָיו הֲלוֹא־זֶה דָוִד 12
מֶלֶךְ הָאָרֶץ הֲלוֹא לָזֶה יַעֲנוּ בַמְּחֹלוֹת לֵאמֹר הִכָּה שָׁאוּל
בַּאֲלָפָו וְדָוִד בְּרִבְבֹתָו׃ וַיָּשֶׂם דָּוִד אֶת־הַדְּבָרִים הָאֵלֶּה 13

## קאפיטעל כא

1 דערנאך איז ער אויפגעשטאנען אונד איז אוועקגעגאנגען, אונד יהונתן איז געקומען אין דער שטאט אריין׃ 2 אונד דוד איז געקומען קיין נבה צו אחימלך הכהן, אונד אחימלך האט געציטערט דוד אנטקעגען צו גיין, אונד ער האט צו איהם געזאגט, ווארום ביזט דוא אליין, אונד קיינער איז ניט מיט דיר? 3 אזוי האט דוד געזאגט צו אחימלך הכהן, דער קעניג האט מיר געבאטען א זאך, אונד ער האט צו מיר געזאגט אז קיינער זאל פון דער זאך ניט וויסען צו וואס איך שיק דיך אונד וואס איך האב דיר גע־באטען, אבער איך האב צו מיינע יונגען געלאזט וויסען דעם בעשטימטען ארט׃ 4 אונד אצונד, וואס איז אונטער דיינע האנד? ווען דוא האסט פינף ברויט אזוי גיב זיא אין מיינע האנד, אדער וואס געפינט זיך (בייא דיר)׃ 5 אונד דער כהן האט דוד געענטפערט אונד געזאגט, איך האב ניט קיין געמיינעס ברויט אונטער מיינע האנד, נייערט הייליגעס ברויט איז דא, אויב דיא יונגען האבען זיך נאר אפגעהיטען פון א ווייב׃—6 אונד דוד האט דעם כהן געענטפערט אונד ער האט צו איהם געזאגט, מיר זענען שוין אפגעהיט פון א ווייב דרייא טעג, זייט אין מיין ארויסגיין, אונד דיא כלים פון דיא יונגען זענען הייליג, אונד (דאס ברויט) ווערט אויך דעם וועג געמיין, חאטשע עס ווערט היינט געהייליגט אין דעם כלי׃ 7 אזוי האט איהם דער כהן געגעבען געהייליגטעס (ברויט), ווארין עס איז ניט דארט געוועזען קיין אנדערעס ברויט נייערט דאס לחם הפנים, וואס איז געוועזען אפגעטהון פאר גאט, כדי אנידערצולייגען ווארעם ברויט אן דעם טאג וואס מען נעמט דאס אוועק׃ 8 אונד עס איז דארט געוועזען אן דעמזעלביגען טאג א מאן פון שאול'ס קנעכט, וואס איז געוועזען אויפגעהאלטען פאר גאט, אונד זיין נאמען וואר דואג איין אדומי, א הויפט פאסטוך פון שאול׃ 9 אונד דוד האט געזאגט צו אחימלך, איז דא פערהאנדען אונטער דיינע האנד א שפיז אדער א שווערד? ווארין איך האב ניט מיטגענומען מיין שווערד אונד אויך ניט מיין געוועהר, ווייל דיא זאך פון דעם קעניג איז אייליג געוועזען׃ 10 אונד דער כהן האט געזאגט, עס איז דא דאס שווערד פון גלית הפלשתי וועמען דוא האסט דערשלאגען אין דעם טהאל פון לינדען־בוים, זעה, זיא איז איינגעוויקעלט אין א קלייד (ליילעך) הינטער דעם אפוד, אויב דוא ווילסט זיא צו דיר נעמען נעם, ווארין קיין אנדערע איז ניט דא חוץ דיזע—אזוי האט דוד געזאגט, עס איז קיינע אזוי וויא דיזע, געב זיא צו מיר׃ 11 אזוי איז דוד אויפגע־שטאנען אונד איז אן דעמזעלביגען טאג אנטלאפען פאר שאול, אונד ער איז געקומען צו אכיש קעניג פון גת׃ 12 אונד דיא קנעכט פון אכיש האבען צו איהם געזאגט, איז דאס ניט דוד דער מלך פון דעם לאנד? האבען זייא ניט צו דעם דאזיגען געזונגען מיט געטאנץ, אונד געזאגט, שאול האט געשלאגען אין זיינע טויזענדע, אבער דוד אין זיינע צעהן טויזענדע? 13 אונד דוד האט דיא דאזיגע ווערטער אין זיין

הארץ

14 בְּלְבָבוֹ וַיִּרָא מְאֹד מִפְּנֵי אָכִישׁ מֶלֶךְ־גַּת׃ וַיְשַׁנּוֹ אֶת־
טַעְמוֹ בְּעֵינֵיהֶם וַיִּתְהֹלֵל בְּיָדָם וַיְתָו עַל־דַּלְתוֹת הַשַּׁעַר
טו וַיּוֹרֶד רִירוֹ אֶל־זְקָנוֹ׃ וַיֹּאמֶר אָכִישׁ אֶל־עֲבָדָיו
16 הִנֵּה תִרְאוּ אִישׁ מִשְׁתַּגֵּעַ לָמָּה תָּבִיאוּ אֹתוֹ אֵלָי׃ חֲסַר
מְשֻׁגָּעִים אָנִי כִּי־הֲבֵאתֶם אֶת־זֶה לְהִשְׁתַּגֵּעַ עָלָי הֲזֶה
יָבוֹא אֶל־בֵּיתִי׃

## כב

כב

א וַיֵּלֶךְ דָּוִד מִשָּׁם וַיִּמָּלֵט אֶל־מְעָרַת עֲדֻלָּם וַיִּשְׁמְעוּ אֶחָיו
2 וְכָל־בֵּית אָבִיו וַיֵּרְדוּ אֵלָיו שָׁמָּה׃ וַיִּתְקַבְּצוּ אֵלָיו כָּל־
אִישׁ מָצוֹק וְכָל־אִישׁ אֲשֶׁר־לוֹ נֹשֶׁא וְכָל־אִישׁ מַר־נֶפֶשׁ
3 וַיְהִי עֲלֵיהֶם לְשָׂר וַיִּהְיוּ עִמּוֹ כְּאַרְבַּע מֵאוֹת אִישׁ׃ וַיֵּלֶךְ
דָּוִד מִשָּׁם מִצְפֵּה מוֹאָב וַיֹּאמֶר ׀ אֶל־מֶלֶךְ מוֹאָב יֵצֵא־
נָא אָבִי וְאִמִּי אִתְּכֶם עַד אֲשֶׁר אֵדַע מַה־יַּעֲשֶׂה־לִּי
4 אֱלֹהִים׃ וַיַּנְחֵם אֶת־פְּנֵי מֶלֶךְ מוֹאָב וַיֵּשְׁבוּ עִמּוֹ כָּל־יְמֵי
ה הֱיוֹת־דָּוִד בַּמְּצוּדָה׃ וַיֹּאמֶר גָּד הַנָּבִיא אֶל־דָּוִד לֹא תֵשֵׁב
בַּמְּצוּדָה לֵךְ וּבָאתָ־לְּךָ אֶרֶץ יְהוּדָה וַיֵּלֶךְ דָּוִד וַיָּבֹא יַעַר
6 חָרֶת׃ וַיִּשְׁמַע שָׁאוּל כִּי נוֹדַע דָּוִד וַאֲנָשִׁים אֲשֶׁר
אִתּוֹ וְשָׁאוּל יוֹשֵׁב בַּגִּבְעָה תַּחַת־הָאֶשֶׁל בָּרָמָה וַחֲנִיתוֹ
7 בְיָדוֹ וְכָל־עֲבָדָיו נִצָּבִים עָלָיו׃ וַיֹּאמֶר שָׁאוּל לַעֲבָדָיו
הַנִּצָּבִים עָלָיו שִׁמְעוּ־נָא בְּנֵי יְמִינִי גַּם־לְכֻלְּכֶם יִתֵּן בֶּן־
יִשַׁי שָׂדוֹת וּכְרָמִים לְכֻלְּכֶם יָשִׂים שָׂרֵי אֲלָפִים וְשָׂרֵי
8 מֵאוֹת׃ כִּי קְשַׁרְתֶּם כֻּלְּכֶם עָלַי וְאֵין־גֹּלֶה אֶת־אָזְנִי בִּכְרָת־
בְּנִי עִם־בֶּן־יִשַׁי וְאֵין־חֹלֶה מִכֶּם עָלַי וְגֹלֶה אֶת־אָזְנִי כִּי
9 הֵקִים בְּנִי אֶת־עַבְדִּי עָלַי לְאֹרֵב כַּיּוֹם הַזֶּה׃ וַיַּעַן
דֹּאֵג הָאֲדֹמִי וְהוּא נִצָּב עַל־עַבְדֵי־שָׁאוּל וַיֹּאמַר רָאִיתִי
י אֶת־בֶּן־יִשַׁי בָּא נֹבֶה אֶל־אֲחִימֶלֶךְ בֶּן־אֲחִטוּב׃ וַיִּשְׁאַל־לוֹ
בַּיהוָה וְצֵידָה נָתַן לוֹ וְאֵת חֶרֶב גָּלְיַת הַפְּלִשְׁתִּי נָתַן לוֹ׃

הארץ געלייגט, אונד ער האט זעהר מורא געהאט פאר אכיש מלך פון גת: 14 אונד ער האט פערענדערט זיין בעגעהמען פאר זייערע אויגען אונד ער האט זיך געמאכט נארעש אין זייערע הענד, אונד ער האט געקריצעלט אויף דיא טהירען פון דעם טויער, אונד ער האט געמאכט זיין שפייעכץ ארופנידערן אויף זיין בארט 15 אזוי האט אכיש געזאגט צו זיינע קנעכט, זעהט, דער מאן איז דאך משגע, וואראום האט איהר איהם צו מיר געבראכט: 16 האב איך וויניג משגעים, אז איהר האט נאך דעם אריינגעבראכט, אז ער זאל פאר מיר משגע זיין, זאל דען דער דאזיגער אין מיין הויז אריינקומען?

## קאפיטעל כב

1 אונד דוד איז פון דארט אוועקגעגאנגען, אונד איז אנטרינען צו דיא הייל עדלם, אונד ווען זיינע ברידער אונד דאס גאנצע הויזגעזינד פון זיין פאטער האבען דאס געהערט, אזוי זענען זייא צו איהם דארט ארונטערגעגאנגען: 2 אונד עס האבען זיך צו איהם פערזאמעלט איטליכער וואס איז געוועזען אונטערדריקט, אונד איטליכער וואס איז געוועזען א בעל חוב, אונד איטליכער וואס האט געהאט א ביטער געמיטה; אונד ער איז איבער זייא געוועזען אן אויבערשטער, אונד עס זענען מיט איהם געוועזען אן ערך פון פיער הונדערט מאן: 3 אונד דוד איז פון דארט אוועקגעגאנגען קיין מצפה פון מואב, אונד ער האט געזאגט צו דעם מלך פון מואב, איך בעט דיך, לאז מיין פאטער אונד מיינע מוטער ארויסגיין, אונד מיט אייך זיין ביז איך וועל וויסען וואס גאט וועט פאר מיר טהון: 4 אונד ער האט זייא אהינגעפיהרט פאר דעם מלך פון מואב, אונד זייא האבען מיט איהם געוואוינט אלע טעג וואס דוד איז געוועזען אין דער פעסטונג: 5 אונד גד הנביא האט געזאגט צו דוד, דוא זאלסט ניט בלייבען אין דער פעסטונג, גייא אוועק אונד דוא זאלסט קומען צו דעם לאנד יהודה, אזוי איז דוד אוועקגעגאנגען, אונד ער איז געקומען צו דעם וואלד חרת: 6 ווען שאול האט געהערט אז דוד איז בעקאנט געווארען, אונד דיא מענער וואס זענען מיט איהם געהעזען — אבער שאול איז געבליבען אין גבעה הינטער דעם לינדענבוים, מיט זיין שפיז אין זיינע האנד, אונד אלע זיינע קנעכט זענען נעבען איהם געשטאנען: 7 אונד שאול האט געזאגט צו זיינע קנעכט וואס זענען נעבען איהם געשטאנען, הערט צו איהר זיהן פון בנימן! וועט דער זוהן פון ישי צו אייך אלע געבען פעלדער אונד וויינגערטען, אונד אייך אלע מאכען פאר אויבערשטע איבער טויזענדע, אונד אויבערשטע איבער הונדערט? 8 דאס איהר האט אייך אלע פערבונדען קעגען מיר, אונד קיינער האט עס מיר אנטפלעקט אז מיין זוהן האט געמאכט א ברית מיט דעם זוהן פון ישי, אונד קיינער פון אייך האט זיך דאריבער בעקרענקט אונד האט עס צו מיר אנטפלעקט, דאס מיין זוהן אונד מיין קנעכט זענען קעגען מיר אויפגעשטאנען אלם לויערערם וויא עס איז דעם היינטיגען טאג? 9 אונד דואג דער אדמי, וואס איז אנגעשטעלט געוועזען איבער דיא קנעכט פון שאול האט געענטפערט אונד געזאגט, איך האב געזעהען דעם זוהן פון ישי קומען קיין נב צו אחימלך דעם זוהן פון אחיטוב: 10 אונד ער האט וועגען איהם אנגעפרעגט בייא גאט, אונד ער האט איהם געגעבען שפייז, אונד דאס שווערד פון גלית דעם פלשתי האט ער צו איהם געגעבען:

11 וישלח המלך לקרא את־אחימלך בן־אחיטוב הכהן ואת
כל־בית אביו הכהנים אשר בנב ויבאו כלם אל־המלך:
12 ויאמר שאול שמע־נא בן־אחיטוב ויאמר הנני אדני:
13 ויאמר אלו שאול למה קשרתם עלי אתה ובן־ישי בתתך
לו לחם וחרב ושאול לו באלהים לקום אלי לארב כיום
14 הזה: ויען אחימלך את־המלך ויאמר ומי בכל־
עבדיך כדוד נאמן וחתן המלך וסר אל־משמעתך
טו ונכבד בביתך: היום החלתי לשאול־לו באלהים חלילה
לי אל־ישם המלך בעבדו דבר בכל־בית אבי כי לא
16 ידע עבדך בכל־זאת דבר קטן או גדול: ויאמר המלך
17 מות תמות אחימלך אתה וכל־בית אביך: ויאמר המלך
לרצים הנצבים עליו סבו והמיתו ׀ כהני יהוה כי גם־
ידם עם־דוד וכי ידעו כי־ברח הוא ולא גלו את־אזנו
ולא־אבו עבדי המלך לשלח את־ידם לפגע בכהני
18 יהוה: ויאמר המלך לדויג סב אתה ופגע בכהנים
ויסב דויג האדמי ויפגע הוא בכהנים וימת ׀ ביום
19 ההוא שמנים וחמשה איש נשא אפוד בד: ואת נב
עיר־הכהנים הכה לפי־חרב מאיש ועד־אשה מעולל
כ ועד־יונק ושור וחמור ושה לפי־חרב: וימלט בן־אחד
21 לאחימלך בן־אחטוב ושמו אביתר ויברח אחרי דוד: ויגד
22 אביתר לדוד כי הרג שאול את כהני יהוה: ויאמר דוד
לאביתר ידעתי ביום ההוא כי־שם דויג האדמי כי־הגד
23 יגיד לשאול אנכי סבתי בכל־נפש בית אביך: שבה
אתי אל־תירא כי אשר־יבקש את־נפשי יבקש את־נפשך
כי־משמרת אתה עמדי:

## כג

א ויגדו לדוד לאמר הנה פלשתים נלחמים בקעילה

11 אזוי האט דער קעניג אהינגעשיקט צו רופען אחימלך הכהן, זוהן פון אחיטוב אונד דאס גאנצע הויזגעזינד פון זיין פאטער, דיא כהנים וואס זענען אין נב, אונד זייא זענען אלע געקומען צו דעם קעניג: 12 אונד שאול האט געזאגט, הער דאך דוא זוהן פון אחיטוב, אונד ער האט געזאגט, היער בין איך מיין הער: 13 אונד שאול האט צו איהם געזאגט, פארוואס האט איהר אייך פערבונדען קעגען מיר, דוא אונד דער זוהן פון ישי, ווען דוא האסט איהם געגעבען ברויט אונד א שווערד, אונד דוא האסט זיינעטוועגען אנגעפרעגט בייא גאט קעגען מיר אויפצושטיין אלס א לוירער, אזוי וויא עס איז דעם היינטיגען טאג? 14 אונד אחימלך האט דעם קעניג געענטפערט אונד געזאגט, אונד ווער איז צווישען אלע דיינע קנעכט אזוי געטרייא וויא דוד, אונד ער איז דער איידעם פון דעם קעניג, אונד קעהרט זיך אפ דיך צו הערען, אונד איז ער ניט געאכטעט אין דיין הויז? 15 האב איך דען היינט אנגעהויבען זיינעטוועגען בייא גאט אנצופרעגען? חלילה צו מיר! לאז ניט דער קעניג זיין קנעכט בעשולדיגען אין קיין שום זאך אונד דאס גאנצע הויזגעזינד פון מיין פאטער, וואָרין דיין קנעכט האט פון דעם אלעם גארניט געוואוסט, א קליינע אדער א גרויסע זאך: 16 אונד דער קעניג האט געזאגט, אחימלך, דוא מוסט שטארבען, דוא אונד דאס גאנצע הויזגעזינד פון דיין פאטער: 17 אונד דער קעניג האט געזאגט צו דיא לויפערס וואס זענען בייא איהם געשטאנען, קעהרט אייך אום אונד טייטעט דיא כהנים פון גאט, וואָרין זייערע הענד זענען אויך געוועזען מיט דוד, אונד וויילי זייא האבען געוואוסט אז ער איז אוועקגעלאפען אונד זייא האבען עס ניט צו מיר אנטפלעקט, אבער דיא קנעכט פון דעם קעניג האבען ניט געוואלט אויסשטרעקען זייערע הענד אנצורירען דיא כהנים פון יהוה: 18 אזוי האט דער קעניג געזאגט צו דואג, קעהר דוא דיך אום אונד שלאג דיא כהנים, אונד דואג דער אדמי איז געפאלען איבער דיא כהנים, אונד ער האט געטייטעט אן דעמזעלביגען טאג פינף אונד אכציג מאן, איטליכער פון זייא האט געטראגען א ליינענעם אפוד: 19 אונד נב, דיא שטאט פון דיא כהנים האט ער דערשלאגען דורך דיא שארף פון דעם שווערד, פון מאן ביז ווייב, פון א קליין קינד ביז צו א זייגענדיג קינד, אונד אקס אונד איזעל אונד שאף, דורך דיא שארף פון דעם שווערד: 20 אונד איין זוהן פון אחימלך זוהן פון אחיטוב איז אנטרונען געווארען, אונד זיין נאמען וואר אביתר, אונד ער איז דוד נאכגעלאפען: 21 אונד אביתר האט אנגעזאגט צו דוד אז שאול האט געהרגעט דיא כהנים פון יהוה: 22 אזוי האט דוד געזאגט צו אביתר, איך האב עס געוואוסט אין דעם דאזיגען טאג ווען דואג דער אדמי איז דארט געוועזען, אונד אז ער וועט עס געוויס אנזאגען צו שאול, אז איך האב פעראורזאכט דאס לעבען פון דיין פאטער'ס הויזגעזינד: 23 בלייב מיט מיר, פארכט דיך ניט, וואָרין דער וואס זוכט מיין לעבען זוכט אויך דיין לעבען; וואָרין דוא ביזט בייא מיר גוט בעהאלטען:

## קאפיטעל כג

1 אונד זייא האבען עס אנגעזאגט צו דוד אונד געזאגט, זעה דיא פלשתים האלטען מלחמה

מיט

2 וְהִכָּה שְׁסִים אֶת־הַגְּרָנוֹת׃ וַיִּשְׁאַל דָּוִד בַּיהוָה לֵאמֹר
הַאֵלֵךְ וְהִכֵּיתִי בַּפְּלִשְׁתִּים הָאֵלֶּה • וַיֹּאמֶר יְהוָה
אֶל־דָּוִד לֵךְ וְהִכִּיתָ בַפְּלִשְׁתִּים וְהוֹשַׁעְתָּ אֶת־קְעִילָה׃
3 וַיֹּאמְרוּ אַנְשֵׁי דָוִד אֵלָיו הִנֵּה אֲנַחְנוּ פֹה בִּיהוּדָה יְרֵאִים
4 וְאַף כִּי־נֵלֵךְ קְעִלָה אֶל־מַעַרְכוֹת פְּלִשְׁתִּים׃ וַיּוֹסֶף
עוֹד דָּוִד לִשְׁאוֹל בַּיהוָה וַיַּעֲנֵהוּ יְהוָה וַיֹּאמֶר קוּם רֵד
ה קְעִילָה כִּי־אֲנִי נֹתֵן אֶת־פְּלִשְׁתִּים בְּיָדֶךָ׃ וַיֵּלֶךְ דָּוִד וַאֲנָשָׁו
קְעִילָה וַיִּלָּחֶם בַּפְּלִשְׁתִּים וַיִּנְהַג אֶת־מִקְנֵיהֶם וַיַּךְ בָּהֶם
6 מַכָּה גְדוֹלָה וַיֹּשַׁע דָּוִד אֵת יֹשְׁבֵי קְעִילָה׃ וַיְהִי בִּבְרֹחַ
אֶבְיָתָר בֶּן־אֲחִימֶלֶךְ אֶל־דָּוִד קְעִילָה אֵפוֹד יָרַד בְּיָדוֹ׃
7 וַיֻּגַּד לְשָׁאוּל כִּי־בָא דָוִד קְעִילָה וַיֹּאמֶר שָׁאוּל נִכַּר אֹתוֹ
אֱלֹהִים בְּיָדִי כִּי נִסְגַּר לָבוֹא בְּעִיר דְּלָתַיִם וּבְרִיחַ׃
8 וַיְשַׁמַּע שָׁאוּל אֶת־כָּל־הָעָם לַמִּלְחָמָה לָרֶדֶת קְעִילָה
9 לָצוּר אֶל־דָּוִד וְאֶל־אֲנָשָׁיו׃ וַיֵּדַע דָּוִד כִּי עָלָיו שָׁאוּל
מַחֲרִישׁ הָרָעָה וַיֹּאמֶר אֶל־אֶבְיָתָר הַכֹּהֵן הַגִּישָׁה הָאֵפוֹד׃
• וַיֹּאמֶר דָּוִד יְהוָה אֱלֹהֵי יִשְׂרָאֵל שָׁמֹעַ שָׁמַע עַבְדְּךָ
כִּי־מְבַקֵּשׁ שָׁאוּל לָבוֹא אֶל־קְעִילָה לְשַׁחֵת לָעִיר בַּעֲבוּרִי׃
11 הֲיַסְגִּרֻנִי בַעֲלֵי קְעִילָה בְיָדוֹ הֲיֵרֵד שָׁאוּל כַּאֲשֶׁר שָׁמַע
עַבְדֶּךָ יְהוָה אֱלֹהֵי יִשְׂרָאֵל הַגֶּד־נָא לְעַבְדֶּךָ • וַיֹּאמֶר
12 יְהוָה יֵרֵד׃ וַיֹּאמֶר דָּוִד הֲיַסְגִּרוּ בַּעֲלֵי קְעִילָה אֹתִי
13 וְאֶת־אֲנָשַׁי בְּיַד שָׁאוּל וַיֹּאמֶר יְהוָה יַסְגִּירוּ׃ וַיָּקָם דָּוִד
וַאֲנָשָׁיו כְּשֵׁשׁ־מֵאוֹת אִישׁ וַיֵּצְאוּ מִקְּעִלָה וַיִּתְהַלְּכוּ בַּאֲשֶׁר
יִתְהַלָּכוּ וּלְשָׁאוּל הֻגַּד כִּי־נִמְלַט דָּוִד מִקְּעִילָה וַיֶּחְדַּל
14 לָצֵאת׃ וַיֵּשֶׁב דָּוִד בַּמִּדְבָּר בַּמְּצָדוֹת וַיֵּשֶׁב בָּהָר בְּמִדְבַּר־
זִיף וַיְבַקְשֵׁהוּ שָׁאוּל כָּל־הַיָּמִים וְלֹא־נְתָנוֹ אֱלֹהִים בְּיָדוֹ׃
טו וַיַּרְא דָוִד כִּי־יָצָא שָׁאוּל לְבַקֵּשׁ אֶת־נַפְשׁוֹ וְדָוִד בְּמִדְבַּר־
16 זִיף בַּחֹרְשָׁה׃ וַיָּקָם יְהוֹנָתָן בֶּן־שָׁאוּל וַיֵּלֶךְ אֶל־דָּוִד

מִיט קְעִילָה, אוּנְד בֶּערוֹיבְּען דִיא שֵׁייעֶרְם׃
2 אוּנְד דָוִד הָאט אָנְגֶעפְרֶעגְט בֵּייא גָאט
אַזוֹי צוּ זָאגֶען, זָאל אִיךְ אַהִינְגֵיין אוּנְד
שְׁלָאגֶען דִיא דָאזִיגֶע פְּלִשְׁתִּים? אוּנְד גָאט
הָאט גֶעזָאגְט צוּ דָוִד, גֵייא אוּנְד שְׁלָאג
דִיא פְּלִשְׁתִּים, אוּנְד הֶעלְף קְעִילָה׃ 3 אוּנְד
דָוִד'ס לֵייט הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט,
זֶעה, מִיר פָארְכְטֶען אוּנְס הִיעֶר אִין
יְהוּדָה, וִוִיא פִיל מֶעהְר נָאךְ וֶוען מִיר
וֶועלֶען גֵיין קֵיין קְעִילָה וֶועגֶען דִיא
אָנְרִיכְטוּנְג פוּן דִיא פְּלִשְׁתִּים׃ 4 אַזוֹי
הָאט דָוִד נָאכְאַמָאל אָנְגֶעפְרֶעגְט בֵּייא
גָאט, אוּנְד גָאט הָאט אִיהְם גֶעעֶנְטְפֶערְט,
אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, שְׁטֵייא אוֹיף,
גֵייא אַרוּפ קֵיין קְעִילָה, וָוארִין אִיךְ וֶועל
דִיא פְּלִשְׁתִּים גֶעבֶּען אִין דֵיינֶע הַאנְד
אַרֵיין׃ 5 אַזוֹי אִיז דָוִד מִיט זֵיינֶע לֵייט
אַהִינְגֶעגַאנְגֶען קֵיין קְעִילָה אוּנְד עֶר הָאט
מִלְחָמָה גֶעהַאלְטֶען מִיט דִיא פְּלִשְׁתִּים,
אוּנְד עֶר הָאט אַוֶועקְגֶעפִיהְרְט זֵיירֶע
בְּהֵמוֹת, אוּנְד עֶר הָאט זֵייא גֶעשְׁלָאגֶען
מִיט אַ גְרוֹיסֶען שְׁלַאק, אוּנְד דָוִד הָאט
גֶעהָאלְפֶען דִיא אֵיינְוְואוֹינֶער פוּן קְעִילָה׃
6 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען וֶוען אֶבְיָתָר
דֶער זוּהְן פוּן אֲחִימֶלֶךְ אִיז אַנְטְלָאפֶען
צוּ דָוִד קֵיין קְעִילָה, אַזוֹי אִיז עֶר אַרוּפְגֶעקוּמֶען מִיט אַן אֵפוֹד אִין זֵיינֶע הַאנְד׃
7 אוּנְד מֶען הָאט עֶס אָנְגֶעזָאגְט צוּ שָׁאוּל אַז דָוִד אִיז גֶעקוּמֶען קֵיין קְעִילָה, אַזוֹי הָאט
שָׁאוּל גֶעזָאגְט, גָאט הָאט אִיהְם אִיבֶּערְגֶעעֶנְטְפֶערְט אִין מֵיינֶע הַאנְד, וָוארִין עֶר אִיז
אֵיינְגֶעשְׁלָאסֶען וֶוען עֶר קוּמְט אַרֵיין אִין אַ שְׁטָאט וָואס הָאט טוֹירֶען אוּנְד רִיגֶעלְן׃
8 אוּנְד שָׁאוּל הָאט אֵיינְגֶעזַאמֶעלְט דָאס גַאנְצֶע פָאלְק צוּ דֶער מִלְחָמָה, אַרוּפ צוּ גֵיין
קֵיין קְעִילָה, צוּ בֶּעלַאגֶערְן דָוִד מִיט זֵיינֶע לֵייט׃ 9 אוּנְד דָוִד הָאט גֶעוְואוּסְט אַז שָׁאוּל
טְרַאכְט אוֹיף אִיהְם שְׁלֶעכְטֶעס, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט צוּ אֶבְיָתָר הַכֹּהֵן, בְּרֶענְג
אַהֶער דֶעם אֵפוֹד׃ 10 אוּנְד דָוִד הָאט גֶעזָאגְט, אָ יְהוָֹה, גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל, דֵיין קְנֶעכְט
הָאט גֶעהֶערְט אַז שָׁאוּל בֶּעגֶעהְרְט צוּ קוּמֶען קֵיין קְעִילָה כְּדֵי דִיא שְׁטָאט מֵיינֶעטְוֶועגֶען צוּ פֶערְדַארְבֶּען׃ 11 וֶועלֶען מִיךְ דִיא לֵייט פוּן קְעִילָה אִיבֶּערְעֶנְטְפֶערְן אִין זֵיינֶע
הַאנְד? וֶועט שָׁאוּל אַרוּנְטֶערְקוּמֶען אַזוֹי וִוִיא דֵיין קְנֶעכְט הָאט גֶעהֶערְט? אָ יְהוָֹה גָאט
פוּן יִשְׂרָאֵל, אִיךְ בֶּעט דִיךְ, זָאג עֶס דָאךְ צוּ דֵיין קְנֶעכְט. אוּנְד יְהוָֹה הָאט גֶעזָאגְט, עֶר
וֶועט אַרוּנְטֶערְקוּמֶען׃ 12 אוּנְד דָוִד הָאט וִוידֶער גֶעזָאגְט, וֶועלֶען דִיא לֵייט פוּן
קְעִילָה מִיךְ אוּנְד מֵיינֶע מֶענֶער אִיבֶּערְעֶנְטְפֶערְן אִין דִיא הַאנְד פוּן שָׁאוּל? אוּנְד
יְהוָֹה הָאט גֶעזָאגְט, זֵייא וֶועלֶען דִיךְ אִיבֶּערְעֶנְטְפֶערְן׃ 13 אַזוֹי אִיז דָוִד אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען מִיט זֵיינֶע מֶענֶער, אַן עֶרֶךְ פוּן זֶעקְס הוּנְדֶערְט מַאן, אוּנְד זֵייא זֶענֶען
אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען פוּן קְעִילָה, אוּנְד זֵייא זֶענֶען אַהִינְגֶעגַאנְגֶען וְואוּ אַהִין זֵייא הָאבֶּען
גֶעקֶענְט גֵיין, אוּנְד מֶען הָאט עֶס אָנְגֶעזָאגְט צוּ שָׁאוּל אַז דָוִד אִיז אַנְטְלָאפֶען פוּן
קְעִילָה, אַזוֹי הָאט עֶר אוֹיפְגֶעהֶערְט אַרוֹיסְצוּגֵיין׃ 14 אוּנְד דָוִד אִיז גֶעבְּלִיבֶּען
אִין דֶער מִדְבָּר אִין אַ פֶעסְטוּנְג אוּנְד עֶר אִיז גֶעבְּלִיבֶּען אוֹיף אַ בַּארְג אִין דֶער
מִדְבָּר זִיף, אוּנְד שָׁאוּל הָאט אִיהְם אַלֶע טָאג גֶעזוּכְט, אָבֶּער גָאט הָאט אִיהְם נִיט
אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען אִין זֵיינֶע הַאנְד׃ 15 אוּנְד דָוִד הָאט גֶעזֶעהֶען אַז שָׁאוּל אִיז
אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען זֵיין לֶעבֶּען צוּ זוּכֶען, אוּנְד דָוִד אִיז גֶעוֶועזֶען אִין דֶער מִדְבָּר זִיף אִין אַ
וַואלְד׃ 16 אוּנְד יְהוֹנָתָן זוּהְן פוּן שָׁאוּל אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען אוּנְד אִיז אַהִינְגֶעגַאנְגֶען צוּ דָוִד

אין

חֹרְשָׁה וַיְחַזֵּק אֶת־יָדוֹ בֵּאלֹהִים׃ וַיֹּאמֶר אֵלָיו אַל־תִּירָא 17
כִּי לֹא תִמְצָאֲךָ יַד שָׁאוּל אָבִי וְאַתָּה תִּמְלֹךְ עַל־יִשְׂרָאֵל
וְאָנֹכִי אֶהְיֶה־לְּךָ לְמִשְׁנֶה וְגַם־שָׁאוּל אָבִי יֹדֵעַ כֵּן׃ וַיִּכְרְתוּ 18
שְׁנֵיהֶם בְּרִית לִפְנֵי יְהוָה וַיֵּשֶׁב דָּוִד בַּחֹרְשָׁה וִיהוֹנָתָן
הָלַךְ לְבֵיתוֹ׃ וַיַּעֲלוּ זִפִים אֶל־שָׁאוּל הַגִּבְעָתָה 19
לֵאמֹר הֲלוֹא דָוִד מִסְתַּתֵּר עִמָּנוּ בַמְּצָדוֹת בַּחֹרְשָׁה
בְּגִבְעַת הַחֲכִילָה אֲשֶׁר מִימִין הַיְשִׁימוֹן׃ וְעַתָּה לְכָל־אַוַּת כ
נַפְשְׁךָ הַמֶּלֶךְ לָרֶדֶת רֵד וְלָנוּ הַסְגִּירוֹ בְּיַד הַמֶּלֶךְ׃ וַיֹּאמֶר 21
שָׁאוּל בְּרוּכִים אַתֶּם לַיהוָה כִּי חֲמַלְתֶּם עָלָי׃ לְכוּ־נָא 22
הָכִינוּ עוֹד וּדְעוּ וּרְאוּ אֶת־מְקוֹמוֹ אֲשֶׁר תִּהְיֶה רַגְלוֹ מִי
רָאָהוּ שָׁם כִּי אָמַר אֵלַי עָרֹם יַעְרִם הוּא׃ וּרְאוּ וּדְעוּ מִכֹּל 23
הַמַּחֲבֹאִים אֲשֶׁר יִתְחַבֵּא שָׁם וְשַׁבְתֶּם אֵלַי אֶל־נָכוֹן
וְהָלַכְתִּי אִתְּכֶם וְהָיָה אִם־יֶשְׁנוֹ בָאָרֶץ וְחִפַּשְׂתִּי אֹתוֹ בְּכֹל
אַלְפֵי יְהוּדָה׃ וַיָּקוּמוּ וַיֵּלְכוּ זִיפָה לִפְנֵי שָׁאוּל וְדָוִד וַאֲנָשָׁיו 24
בְּמִדְבַּר מָעוֹן בָּעֲרָבָה אֶל יְמִין הַיְשִׁימוֹן׃ וַיֵּלֶךְ שָׁאוּל כה
וַאֲנָשָׁיו לְבַקֵּשׁ וַיַּגִּדוּ לְדָוִד וַיֵּרֶד הַסֶּלַע וַיֵּשֶׁב בְּמִדְבַּר
מָעוֹן וַיִּשְׁמַע שָׁאוּל וַיִּרְדֹּף אַחֲרֵי־דָוִד מִדְבַּר מָעוֹן׃
וַיֵּלֶךְ שָׁאוּל מִצַּד הָהָר מִזֶּה וְדָוִד וַאֲנָשָׁיו מִצַּד הָהָר מִזֶּה 26
וַיְהִי דָוִד נֶחְפָּז לָלֶכֶת מִפְּנֵי שָׁאוּל וְשָׁאוּל וַאֲנָשָׁיו עֹטְרִים
אֶל־דָּוִד וְאֶל־אֲנָשָׁיו לְתָפְשָׂם׃ וּמַלְאָךְ בָּא אֶל־שָׁאוּל 27
לֵאמֹר מַהֲרָה וְלֵכָה כִּי־פָשְׁטוּ פְלִשְׁתִּים עַל־הָאָרֶץ׃ וַיָּשָׁב 28
שָׁאוּל מִרְדֹף אַחֲרֵי דָוִד וַיֵּלֶךְ לִקְרַאת פְּלִשְׁתִּים עַל־כֵּן
קָרְאוּ לַמָּקוֹם הַהוּא סֶלַע הַמַּחְלְקוֹת׃ וַיַּעַל דָּוִד מִשָּׁם 29
וַיֵּשֶׁב בִּמְצָדוֹת עֵין־גֶּדִי׃

## כד

כד

וַיְהִי כַּאֲשֶׁר שָׁב שָׁאוּל מֵאַחֲרֵי פְּלִשְׁתִּים וַיַּגִּדוּ לוֹ לֵאמֹר א
הִנֵּה דָוִד בְּמִדְבַּר עֵין גֶּדִי׃ וַיִּקַּח שָׁאוּל שְׁלֹשֶׁת 2

אין דעם וואלד, אונד ער האט זיינע הענד געשטארקט אין גאט: 17 אונד ער האט צו איהם געזאגט, פארכט דיך ניט, ווארין דיא האנד פון שאול מיין פאטער וועט דיך ניט געפינען; אונד דוא וועסט קעניגען איבער ישראל, אונד איך וועל זיין דער צווייטער פון דיר, אונד דאס ווייס אויך שאול מיין פאטער: 18 אונד זייא האבען ביידע כורת ברית געווען פאר גאט, אונד דוד איז געבליבען אין דעם וואלד, אבער יהונתן איז אהיים געגאנגען: 19 אונד דיא לייט פון זיפים זענען ארויפגעגאנגען צו שאול קיין גבעה, אונד געזאגט, האט זיך ניט דוד בעהאלטען ביי אונס אין דיא פעסטונג אין דעם וואלד, אין דער הייך פון חכילה, וואס איז אן דער רעכטע זייט פון דער וויסטעניא (ישימון)? 20 אונד אצונד א קעניג צו אלעם וואס גליסט דיר ארופצוגיין קום ארופ, אונד פון אונזערע זייט זאל זיין איהם צו איבערענטפערן אין דיא האנד פון דעם קעניג: 21 אונד שאול האט געזאגט, געבענשט זענט איהר פון גאט, דאס איהר האט אייך איבער מיר דערבארמט: 22 גייט נון, אונד בערייט אייך אן, אונד דערקענט אונד זעהט זיין ארט אוואו זיין פוס איז, אונד ווער עס האט איהם דארט געזעהען, ווארין מען האט מיר געזאגט אז ער גייט ארום מיט ערמות: 23 דארום זעהט אונד דערקענט אלע זיינע בעהאלטונגען אוואו ער בעהאלט זיך דארטען, אונד איהר זאלט צו מיר צוריקקומען מיט א זיכער־הייט, אונד איך וועל מיט אייך אהינגיין, אונד עס וועט זיין ווען ער איז אין דעם לאנד אזוי וועל איך איהם אויסזוכען צווישען אלע טויזענדע פון יהודה: 24 אונד זייא זענען אויפגעשטאנען אונד אהינגעגאנגען קיין זיף פאר שאול, אונד דוד אונד זיינע מענער זענען געוועזען אין דער מדבר מעון, אין דעם פלוין ביי דער רעכטער זייט פון ישימון: 25 אונד שאול אונד זיינע מענער זענען אהינגעגאנגען איהם צו זוכען, אונד מען האט עס אנגעזאגט צו דוד; אזוי איז ער ארופגעגאנגען אויף דעם פעלזען־שטיין אונד איז געבליבען אין דער מדבר מעון; ווען שאול האט דאס געהערט אזוי האט ער דוד נאכגעיאגט אין דער מדבר מעון: 26 אונד שאול איז אהינגעגאנגען אויף דיזער זייט פון דעם בארג, אונד דוד אונד זיינע מענער אויף דער אנדערע זייט פון דעם בארג, אונד דוד האט זיך געאיילט אוועקצוגיין פון פאר שאול, אבער שאול אונד זיינע מענער האבען ארומגערינגעלט דוד מיט זיינע מענער כדי איהם צו נעמען: 27 אבער א שליח איז געקומען צו שאול אונד געזאגט, אייל דיך אונד גייא, ווארין דיא פלשתים האבען זיך פערשפרייט איבער דעם לאנד: 28 אזוי האט זיך שאול אומגעקעהרט פון נאכצויאגען דוד, אונד ער איז אהינגעגאנגען קעגען דיא פלשתים, דארום האט מען דעמזעלביגען ארט גערופען סלע המחלקות:

## קאפיטעל כד

1 אונד דוד איז פון דארט ארויפגעגאנגען אונד איז געבליבען אין דער פעסטונג עין־גדי:
2 אונד עס איז געוועזען ווען שאול האט זיך אומגעקעהרט פון נאכצוגיין דיא פלשתים דאס מען האט צו איהם געזאגט, זעה, דוד איז אין דער מדבר עין־גדי: 3 אזוי האט שאול גענומען

דרייא

אַלְפַּיִם אִישׁ בָּחוּר מִכָּל־יִשְׂרָאֵל וַיֵּלֶךְ לְבַקֵּשׁ אֶת־דָּוִד
3 וַאֲנָשָׁיו עַל־פְּנֵי צוּרֵי הַיְּעֵלִים׃ וַיָּבֹא אֶל־גִּדְרוֹת הַצֹּאן
עַל־הַדֶּרֶךְ וְשָׁם מְעָרָה וַיָּבֹא שָׁאוּל לְהָסֵךְ אֶת־רַגְלָיו
4 וְדָוִד וַאֲנָשָׁיו בְּיַרְכְּתֵי הַמְּעָרָה יֹשְׁבִים׃ וַיֹּאמְרוּ אַנְשֵׁי
דָוִד אֵלָיו הִנֵּה הַיּוֹם אֲשֶׁר־אָמַר יְהוָה אֵלֶיךָ הִנֵּה אָנֹכִי
נֹתֵן אֶת־אֹיִבְךָ בְּיָדֶךָ וְעָשִׂיתָ לּוֹ כַּאֲשֶׁר יִטַב בְּעֵינֶיךָ
וַיָּקָם דָּוִד וַיִּכְרֹת אֶת־כְּנַף־הַמְּעִיל אֲשֶׁר־לְשָׁאוּל בַּלָּט׃
ה וַיְהִי אַחֲרֵי־כֵן וַיַּךְ לֵב־דָּוִד אֹתוֹ עַל אֲשֶׁר כָּרַת אֶת־כָּנָף
6 אֲשֶׁר לְשָׁאוּל׃ וַיֹּאמֶר לַאֲנָשָׁיו חָלִילָה לִּי מֵיְהוָה אִם־
אֶעֱשֶׂה אֶת־הַדָּבָר הַזֶּה לַאדֹנִי לִמְשִׁיחַ יְהוָה לִשְׁלֹחַ יָדִי
7 בּוֹ כִּי־מְשִׁיחַ יְהוָה הוּא׃ וַיְשַׁסַּע דָּוִד אֶת־אֲנָשָׁיו בַּדְּבָרִים
וְלֹא נְתָנָם לָקוּם אֶל־שָׁאוּל וְשָׁאוּל קָם מֵהַמְּעָרָה וַיֵּלֶךְ
8 בַּדָּרֶךְ׃ וַיָּקָם דָּוִד אַחֲרֵי־כֵן וַיֵּצֵא מִן־הַמְּעָרָה
וַיִּקְרָא אַחֲרֵי־שָׁאוּל לֵאמֹר אֲדֹנִי הַמֶּלֶךְ וַיַּבֵּט שָׁאוּל
9 אַחֲרָיו וַיִּקֹּד דָּוִד אַפַּיִם אַרְצָה וַיִּשְׁתָּחוּ׃ וַיֹּאמֶר דָּוִד
לְשָׁאוּל לָמָּה תִשְׁמַע אֶת־דִּבְרֵי אָדָם לֵאמֹר הִנֵּה דָוִד
י מְבַקֵּשׁ רָעָתֶךָ׃ הִנֵּה הַיּוֹם הַזֶּה רָאוּ עֵינֶיךָ אֵת אֲשֶׁר־
נְתָנְךָ יְהוָה ׀ הַיּוֹם ׀ בְּיָדִי בַּמְּעָרָה וְאָמַר לַהֲרָגְךָ וַתָּחָס עָלֶיךָ
11 וָאֹמַר לֹא־אֶשְׁלַח יָדִי בַּאדֹנִי כִּי־מְשִׁיחַ יְהוָה הוּא׃ וְאָבִי
רְאֵה גַּם רְאֵה אֶת־כְּנַף מְעִילְךָ בְּיָדִי כִּי בְּכָרְתִי אֶת־כְּנַף
מְעִילְךָ וְלֹא הֲרַגְתִּיךָ דַּע וּרְאֵה כִּי אֵין בְּיָדִי רָעָה וָפֶשַׁע
12 וְלֹא־חָטָאתִי לָךְ וְאַתָּה צֹדֶה אֶת־נַפְשִׁי לְקַחְתָּהּ׃ יִשְׁפֹּט
יְהוָה בֵּינִי וּבֵינֶךָ וּנְקָמַנִי יְהוָה מִמֶּךָּ וְיָדִי לֹא תִהְיֶה־בָּךְ׃
13 כַּאֲשֶׁר יֹאמַר מְשַׁל הַקַּדְמֹנִי מֵרְשָׁעִים יֵצֵא רֶשַׁע וְיָדִי לֹא
14 תִהְיֶה־בָּךְ׃ אַחֲרֵי מִי יָצָא מֶלֶךְ יִשְׂרָאֵל אַחֲרֵי מִי אַתָּה
טו רֹדֵף אַחֲרֵי כֶּלֶב מֵת אַחֲרֵי פַּרְעֹשׁ אֶחָד׃ וְהָיָה יְהוָה
לְדַיָּן וְשָׁפַט בֵּינִי וּבֵינֶךָ וְיֵרֶא וְיָרֵב אֶת־רִיבִי וְיִשְׁפְּטֵנִי

דְרַייא טוֹיזֶענְד אוֹיסְדֶערְוֶויילְטֶע מֶענֶער פוּן גַאנְץ יִשְׂרָאֵל, אוּנְד עֶר אִיז אַהִינְגֶעגַאנְגֶען צוּ זוּכֶען דָוִד אוּנְד זַיינֶע מֶענֶער אוֹיף דִיא פֶעלְזֶען פוּן דִיא שְׁטֵיינְבֶּעק: 4 אוּנְד עֶר אִיז אָנְגֶעקוּמֶען צוּ דִיא שָׁאף שְׁטַאלֶען וָואס זֶענֶען גֶעוֶועזֶען בַּייא דֶעם וֶועג, אוּנְד דָארְט אִיז גֶעוֶועזֶען אַ הֵייל, אוּנְד שָׁאוּל אִיז אַרֵיינְגֶעקוּמֶען זַיינֶע פִיס צוּ בֶּעדֶעקֶען, אוּנְד דָוִד אוּנְד זַיינֶע מֶענֶער זֶענֶען גֶעבְּלִיבֶּען אַן דִיא זֵייטֶען פוּן דִיא הֵייל: 5 אוּנְד דָוִד'ס מֶענֶער הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, זֶעה, הֵיינְט אִיז דֶער טָאג פוּן וֶועלְכֶען גָאט הָאט צוּ דִיר גֶעזָאגְט, זֶעה, אִיךְ וֶועל גֶעבֶּען דֵיין פֵיינְד אִין דֵיינֶע הַאנְד אַרֵיין, אוּנְד דוּא זָאלְסְט צוּ אִיהְם טְהוּן וָואס אִיז גוּט אִין דֵיינֶע אוֹיגֶען; אַזוֹי אִיז דָוִד אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען אוּנְד עֶר הָאט שְׁטִילֶערְהֵייט אָפְּגֶעשְׁנִיטֶען דָאס עֶק פוּן שָׁאוּל'ס מַאנְטֶעל: 6 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען נָאכְדֶעם אַזוֹי הָאט דָוִד'ס הַארְץ אִין אִיהְם גֶעקְלַאפְּט, וֵוייל עֶר הָאט אָפְּגֶעשְׁנִיטֶען דָאס עֶק פוּן שָׁאוּל'ס מַאנְטֶעל: 7 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט צוּ זַיינֶע מֶענֶער, פֶערְמִיטֶען זָאל דָאס זַיין צוּ מִיר פוּן גָאט, אוֹיבּ אִיךְ וֶועל טְהוּן דִיא דָאזִיגֶע זַאךְ צוּ מֵיין הַאר, דֶעם גֶעזַאלְבְּטֶען פוּן גָאט, מֵיינֶע הַאנְד אַן אִיהְם אוֹיסְצוּשְׁטְרֶעקֶען, וָוארִין עֶר אִיז דֶער גֶעזַאלְבְּטֶער פוּן גָאט: 8 אַזוֹי הָאט דָוִד צוּשֵׁייט זַיינֶע מֶענֶער מִיט דִיא וֶוערְטֶער, אוּנְד עֶר הָאט נִיט צוּגֶעגֶעבֶּען אַז זֵייא זָאלֶען אוֹיפְשְׁטֵיין קֶעגֶען שָׁאוּל; אָבֶּער שָׁאוּל אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען פוּן דֶער הֵייל, אוּנְד עֶר אִיז אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען אוֹיף זַיין וֶועג: 9 אוּנְד נָאכְדֶעם אִיז דָוִד אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען אוּנְד עֶר אִיז אוֹיךְ אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען פוּן דֶער הֵייל, אוּנְד עֶר הָאט נָאכְגֶערוּפֶען נָאךְ שָׁאוּל, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, מֵיין הַאר קֶענִיג! אוּנְד וֶוען שָׁאוּל הָאט הִינְטֶער זִיךְ גֶעקוּקְט, אַזוֹי הָאט זִיךְ דָוִד גֶעבֵּייגְט מִיט זַיין פָּנִים צוּ דֶער עֶרְד אוּנְד הָאט זִיךְ גֶעבִּיקְט: 10 אַזוֹי הָאט דָוִד גֶעזָאגְט צוּ שָׁאוּל, פַארְוָואס הֶערְסְט דוּא דִיא וֶוערְטֶער פוּן מֶענְשֶׁען אַזוֹי צוּ זָאגֶען, דָוִד זוּכְט דִיר שְׁלֶעכְטֶעס צוּ טְהוּן? 11 זֶעה, דֶעם הֵיינְטִיגֶען טָאג הָאבֶּען דֵיינֶע אוֹיגֶען גֶעזֶעהֶען אַז גָאט הָאט דִיךְ הֵיינְט אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען אִין מֵיינֶע הַאנְד אִין דֶער הֵייל, אוּנְד מֶען הָאט מִיר גֶעזָאגְט אַז אִיךְ זָאל דִיךְ הַרְגֶ'נֶען, אָבֶּער אִיךְ הָאבּ מִיךְ אִיבֶּער דִיר דֶערְבַּארְמְט, אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעזָאגְט אַז אִיךְ וֶועל נִיט אוֹיסְשְׁטְרֶעקֶען מֵיינֶע הַאנְד קֶעגֶען מֵיין הַאר, וָוארִין עֶר אִיז אַ גֶעזַאלְבְּטֶער פוּן גָאט: 12 אוּנְד דוּא מֵיין פָאטֶער, זֶעה, יוֹא זֶעה אַז דָאס עֶק פוּן דֵיין מַאנְטֶעל אִיז אִין מֵיינֶע הַאנְד, וָוארִין אִין דֶעם דָאס אִיךְ הָאבּ אָפְּגֶעשְׁנִיטֶען דָאס עֶק פוּן דֵיין מַאנְטֶעל אוּנְד אִיךְ הָאבּ דִיךְ נִיט גֶעהַרְגֶעט, אַזוֹי קֶענְסְט דוּא עֶרְקֶענֶען אוּנְד זֶעהֶען אַז עֶס אִיז נִיט קֵיין שׁוּם שְׁלֶעכְטֶעס אָדֶער זִינְד אִין מֵיינֶע הַאנְד, אוּנְד אִיךְ הָאבּ אוֹיךְ נִיט קֶעגֶען דִיר גֶעזִינְדִיגְט, אוּנְד דָאךְ יָאגְסְט דוּא מִיךְ נָאךְ כְּדֵי מִיךְ צוּ נֶעמֶען: 13 גָאט זָאל מִשְׁפָּטְ'ן צְוִוישֶׁען מִיר אוּנְד צְוִוישֶׁען דִיר, אוּנְד גָאט זָאל זִיךְ פַאר מִיר בַּייא דִיר נוֹקֵם זַיין, אָבֶּער מֵיינֶע הַאנְד זָאל נִיט אַן דִיר זַיין: 14 וִויא דָאס גַאנְץ אַלְטֶע מָשָׁל זָאגְט, פוּן דִיא רְשָׁעִים גֵייט אַרוֹיס רִשְׁעוּת, אָבֶּער מֵיינֶע הַאנְד זָאל נִיט זַיין אַן דִיר: 15 נָאךְ וֶועמֶען אִיז דֶער קֶענִיג פוּן יִשְׂרָאֵל אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען? וֶועמֶען יָאגְסְט דוּא נָאךְ? נָאךְ אַ טוֹיטֶען הוּנְד, נָאךְ אַ פְלוֹי? 16 לָאז גָאט זַיין דֶער רִיכְטֶער, אוּנְד מִשְׁפָּטְ'ן צְוִוישֶׁען מִיר אוּנְד דִיר, אוּנְד זֶעהֶען, אוּנְד קְרִיגֶען מֵיין קְרִיג, אוּנְד זָאל מִיךְ מִשְׁפָּטְ'ן (אָדֶער מַצִיל זַיין)

אוים

אוּים דֵיינֶער הַאנְד׃ 17 אוּנְד עֶס אִיז
גֶעוֶועזֶען וֶוען דָוִד הָאט אוֹיפְגֶעהֶערְט צוּ
רֶעדֶען דִיא דָאזִיגֶע וֶוערְטֶער צוּ שָׁאוּל,
אַזוֹי הָאט שָׁאוּל גֶעזָאגְט, אִיז דָאס
קוֹל פוּן מֵיין זוּהְן דָוִד? אוּנְד שָׁאוּל הָאט
אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען זֵיין קוֹל אוּנְד עֶר הָאט
גֶעוֵויינְט׃ 18 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט צוּ
דָוִד, דוּא בִּיזְט גֶערֶעכְטֶער פוּן מִיר,
וָוארִין דוּא הָאסְט מִיר פֶערְגָאלְטֶען
גוּטֶעס, אוּנְד אִיךְ הָאבּ דִיר פֶערְגָאלְטֶען
שְׁלֶעכְטֶעס׃ 19 אוּנְד דוּא הָאסְט הֵיינְט
גֶעוִויזֶען אַז דוּא הָאסְט מִיר גוּטֶעס גֶע־
טְהוּן, וֶוען גָאט הָאט מִיךְ אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען
אִין דֵיינֶע הַאנְד אוּנְד דוּא הָאסְט מִיךְ נִיט
גֶעהַרְגֶעט׃ 20 אוּנְד וֶוען אַ מַאן גֶעפִינְט
זֵיין פֵיינְד אוּנְד עֶר שִׁיקְט אִיהְם אַוֶועק
אֵיין גוּטֶען וֶועג, לָאז דִיר גָאט בֶּעצָאלֶען
גוּטֶעס פַאר דֶעם הֵיינְטִיגֶען טָאג וָואס
דוּא הָאסְט צוּ מִיר גֶעטְהוּן׃ 21 אוּנְד
אַצוּנְד, זֶעה, אִיךְ וֵוייס אַז דוּא וֶועסְט
גֶעווִיס רֶעגִירֶען, אוּנְד אַז דָאס קֶענִיגְרֵייךְ
פוּן יִשְׂרָאֵל וֶועט בֶּעשְׁטֵיין בְּלֵייבֶּען אִין
דֵיינֶע הַאנְד׃ 22 אוּנְד אַצוּנְד, שְׁוֶוער
צוּ מִיר בֵּייא גָאט אַז דוּא וֶועסְט נִיט
פֶערְטִילְגֶען מֵיין זָאמֶען נָאךְ מִיר. אוּנְד
אַז דוּא וֶועסְט נִיט פֶערְטִילְגֶען מֵיין נָאמֶען פוּן מֵיין פָאטֶער׳ס הוֹיז׃ 23 אוּנְד דָוִד
הָאט גֶעשְׁוָואוֹירֶען צוּ שָׁאוּל, אוּנְד שָׁאוּל אִיז גֶעגַאנְגֶען צוּ זֵיין הוֹיז, אוּנְד דָוִד אוּנְד
זֵיינֶע לֵייט זֶענֶען אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען צוּ דֶער פֶעסְטוּנְג׃

מִיָּדֶֽךָ׃ וַיְהִ֣י ׀ כְּכַלּ֣וֹת דָּוִ֗ד לְדַבֵּ֞ר אֶת־הַדְּבָרִ֤ים 16
הָאֵ֙לֶּה֙ אֶל־שָׁא֔וּל וַיֹּ֣אמֶר שָׁא֔וּל הֲקֹלְךָ֥ זֶ֖ה בְּנִ֣י דָוִ֑ד וַיִּשָּׂ֥א
שָׁא֛וּל קֹל֖וֹ וַיֵּֽבְךְּ׃ וַיֹּ֙אמֶר֙ אֶל־דָּוִ֔ד צַדִּ֥יק אַתָּ֖ה מִמֶּ֑נִּי כִּ֤י 17
אַתָּה֙ גְּמַלְתַּ֣נִי הַטּוֹבָ֔ה וַאֲנִ֖י גְּמַלְתִּ֥יךָ הָרָעָֽה׃ וְאַתְּ֙ הִגַּ֣דְתְּ 18
הַיּ֔וֹם אֵ֛ת אֲשֶׁר־עָשִׂ֥יתָה אִתִּ֖י טוֹבָ֑ה אֵת֩ אֲשֶׁ֨ר סִגְּרַ֧נִי יְהוָ֛ה
בְּיָדְךָ֖ וְלֹ֥א הֲרַגְתָּֽנִי׃ וְכִֽי־יִמְצָ֥א אִישׁ֙ אֶת־אֹ֣יְב֔וֹ וְשִׁלְּח֖וֹ 19
בְּדֶ֣רֶךְ טוֹבָ֑ה וַֽיהוָה֙ יְשַׁלֶּמְךָ֣ טוֹבָ֔ה תַּ֚חַת הַיּ֣וֹם הַזֶּ֔ה אֲשֶׁ֥ר
עָשִׂ֖יתָה לִֽי׃ וְעַתָּה֙ הִנֵּ֣ה יָדַ֔עְתִּי כִּ֥י מָלֹ֖ךְ תִּמְל֑וֹךְ וְקָ֙מָה֙ כ
בְּיָ֣דְךָ֔ מַמְלֶ֖כֶת יִשְׂרָאֵֽל׃ וְעַתָּ֗ה הִשָּׁ֤בְעָה לִּי֙ בַּֽיהוָ֔ה אִם־ 21
תַּכְרִ֥ית אֶת־זַרְעִ֖י אַחֲרָ֑י וְאִם־תַּשְׁמִ֥יד אֶת־שְׁמִ֖י מִבֵּ֥ית אָבִֽי׃
וַיִּשָּׁבַ֥ע דָּוִ֖ד לְשָׁא֑וּל וַיֵּ֤לֶךְ שָׁאוּל֙ אֶל־בֵּית֔וֹ וְדָוִד֙ וַאֲנָשָׁ֔יו 22
עָל֖וּ עַל־הַמְּצוּדָֽה׃

## כה

וַיָּ֣מָת שְׁמוּאֵ֔ל וַיִּקָּבְצ֤וּ כָל־יִשְׂרָאֵל֙ וַיִּסְפְּדוּ־ל֔וֹ וַיִּקְבְּרֻ֥הוּ א
בְּבֵית֖וֹ בָּרָמָ֑ה וַיָּ֣קָם דָּוִ֔ד וַיֵּ֖רֶד אֶל־מִדְבַּ֥ר פָּארָֽן׃
וְאִ֨ישׁ בְּמָע֜וֹן וּמַעֲשֵׂ֣הוּ בַכַּרְמֶ֗ל וְהָאִישׁ֙ גָּד֣וֹל מְאֹ֔ד וְל֛וֹ צֹ֥אן 2
שְׁלֹֽשֶׁת־אֲלָפִ֖ים וְאֶ֣לֶף עִזִּ֑ים וַיְהִ֛י בִּגְזֹ֥ז אֶת־צֹאנ֖וֹ בַּכַּרְמֶֽל׃
וְשֵׁ֤ם הָאִישׁ֙ נָבָ֔ל וְשֵׁ֥ם אִשְׁתּ֖וֹ אֲבִגָ֑יִל וְהָאִשָּׁ֤ה טֽוֹבַת־ 3
שֶׂ֙כֶל֙ וִ֣יפַת תֹּ֔אַר וְהָאִ֥ישׁ קָשֶׁ֛ה וְרַ֥ע מַעֲלָלִ֖ים וְה֥וּא כָלִבּֽוֹ׃
וַיִּשְׁמַ֥ע דָּוִ֖ד בַּמִּדְבָּ֑ר כִּֽי־גֹזֵ֥ז נָבָ֖ל אֶת־צֹאנֽוֹ׃ וַיִּשְׁלַ֥ח דָּוִ֖ד 4 ה
עֲשָׂרָ֣ה נְעָרִ֑ים וַיֹּ֨אמֶר דָּוִ֜ד לַנְּעָרִ֗ים עֲל֤וּ כַרְמֶ֙לָה֙ וּבָאתֶ֣ם
אֶל־נָבָ֔ל וּשְׁאֶלְתֶּם־ל֥וֹ בִשְׁמִ֖י לְשָׁלֽוֹם׃ וַאֲמַרְתֶּ֥ם כֹּ֖ה 6
לֶחָ֑י וְאַתָּ֤ה שָׁלוֹם֙ וּבֵיתְךָ֣ שָׁל֔וֹם וְכֹ֥ל אֲשֶׁר־לְךָ֖ שָׁלֽוֹם׃
וְעַתָּ֣ה שָׁמַ֔עְתִּי כִּ֥י גֹזְזִ֖ים לָ֑ךְ עַתָּ֗ה הָרֹעִ֤ים אֲשֶׁר־לְךָ֙ הָי֣וּ 7
עִמָּ֔נוּ לֹ֣א הֶכְלַמְנ֗וּם וְלֹא־נִפְקַ֤ד לָהֶם֙ מְא֔וּמָה כָּל־יְמֵ֖י
הֱי֥וֹתָם בַּכַּרְמֶֽל׃ שְׁאַ֨ל אֶת־נְעָרֶ֜יךָ וְיַגִּ֣ידוּ לָ֗ךְ וְיִמְצְא֨וּ 8
הַנְּעָרִ֥ים חֵן֙ בְּעֵינֶ֔יךָ כִּֽי־עַל־י֥וֹם ט֖וֹב בָּ֑נוּ תְּנָה־נָּ֗א אֵת֩

## קאפיטעל כה

1 אוּנְד וֶוען שְׁמוּאֵל אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען, אַזוֹי הָאבֶּען זִיךְ גַאנְץ יִשְׂרָאֵל אֵיינְגֶעזַאמֶעלְט,
אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אִיהְם בֶּעקְלָאגְט, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אִיהְם בֶּעגְרָאבֶּען אִין זֵיין הוֹיז
אִין רָמָה, אוּנְד דָוִד אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען אוּנְד אַרוּפְגֶעגַאנְגֶען צוּ דֶער מִדְבַּר פָּרָן׃
2 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אַ מַאן אִין מָעוֹן, וָואס הָאט גֶעהַאט זֵיין גֶעשֶׁעפְט אִין כַּרְמֶל;
אוּנְד דֶער מַאן אִיז גֶעוֶועזֶען זֶעהְר גְרוֹיס, אוּנְד עֶר הָאט גֶעהַאט דְרֵייא טוֹיזֶענְד שָׁאף,
אוּנְד טוֹיזֶענְד צִיגֶען, אוּנְד עֶר וַואר בֵּייא דֶעם שֶׁערֶען פוּן זֵיינֶע שָׁאף אִין כַּרְמֶל׃
3 אוּנְד דֶער נָאמֶען פוּן דֶעם מַאן וַואר נָבָל, אוּנְד דֶער נָאמֶען פוּן זֵיין וֵוייבּ וַואר
אַבִגַיִל, אוּנְד דִיא פְרוֹי אִיז גֶעוֶועזֶען, פוּן גוּטֶען פֶערְשְׁטַאנְד אוּנְד פוּן שֵׁיינֶע גֶעשְׁטַאלְט,
אָבֶּער דֶער מַאן אִיז גֶעוֶועזֶען הַארְט אוּנְד פוּן בֵּייזֶע מַעֲשִׂים, אוּנְד עֶר וַואר פוּן דֶעם
הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן כָּלֵב׃ 4 אוּנְד דָוִד הָאט גֶעהֶערְט אִין דֶער מִדְבָּר אַז נָבָל שֶׁערְט
זֵיינֶע שָׁאף׃ 5 אוּנְד דָוִד הָאט אַהִינְגֶעשִׁיקְט צֶעהְן יוּנְגֶען, אוּנְד דָוִד הָאט גֶעזָאגְט צוּ
דִיא יוּנְגֶען גֵייט אַרוֹיף קֵיין כַּרְמֶל, אוּנְד וֶוען אִיהְר וֶועט קוּמֶען צוּ נָבָל אַזוֹי זָאלְט
אִיהְר פְרֶעגֶען אִין מֵיין נָאמֶען נָאךְ שָׁלוֹם׃ 6 אוּנְד אִיהְר זָאלְט אַזוֹי זָאגֶען צוּ
דֶעם וָואס לֶעבְּט (גְלִיקְלִיךְ), שָׁלוֹם צוּ דִיר, אוּנְד שָׁלוֹם צוּ דֵיין הוֹיזְגֶעזִינְד, אוּנְד
צוּ אַלֶעם וָואס דוּא הָאסְט זָאל זֵיין שָׁלוֹם׃ 7 אוּנְד אַצוּנְד הָאבּ אִיךְ גֶעהֶערְט
אַז דוּא הָאסְט שֶׁערֶערְס, זֶעה, דֵיינֶע פַּאסְטוּכֶערְס וָואס זֶענֶען גֶעוֶועזֶען בֵּייא
אוּנְס הָאבֶּען מִיר נִיט פֶערְשֶׁעהְמְט, אוּנְד עֶס הָאט צוּ זֵייא קֵיין שׁוּם זַאךְ
נִיט גֶעפֶעהְלְט אַלֶע טֶעג וָואס זֵייא זֶענֶען גֶעוֶועזֶען אִין כַּרְמֶל׃ 8 פְרֶעג דֵיינֶע
יוּנְגֶען אוּנְד זֵייא וֶועלֶען דִיר זָאגֶען; דָארוּם לָאזֶען מֵיינֶע יוּנְגֶען גֶעפִינֶען חֵן
אִין דֵיינֶע אוֹיגֶען, וָוארִין מִיר זֶענֶען גֶעקוּמֶען אוֹיף אַ יוֹם טוֹב, גִיבּ דָאךְ

9 אשר תמצא ידך לעבדיך ולבנך לדוד: ויבאו נערי דוד
וידברו אל-נבל ככל-הדברים האלה בשם דוד וינוחו:
י ויען נבל את-עבדי דוד ויאמר מי דוד ומי בן-ישי היום
11 רבו עבדים המתפרצים איש מפני אדניו: ולקחתי
את-לחמי ואת-מימי ואת טבחתי אשר טבחתי לגזזי
12 ונתתי לאנשים אשר לא ידעתי אי מזה המה: ויהפכו
נערי-דוד לדרכם וישבו ויבאו ויגדו לו ככל הדברים
13 האלה: ויאמר דוד לאנשיו חגרו | איש את-חרבו
ויחגרו איש את-חרבו ויחגר גם-דוד את-חרבו ויעלו |
אחרי דוד כארבע מאות איש ומאתים ישבו על-
14 הכלים: ולאביגיל אשת נבל הגיד נער-אחד מהנערים
לאמר הנה שלח דוד מלאכים | מהמדבר לברך את-
טו אדנינו ויעט בהם: והאנשים טבים לנו מאד ולא
הכלמנו ולא-פקדנו מאומה כל-ימי התהלכנו אתם
16 בהיותנו בשדה: חומה היו עלינו גם-לילה גם-יומם
17 כל-ימי היותנו עמם רעים הצאן: ועתה דעי וראי
מה-תעשי כי-כלתה הרעה אל-אדנינו ועל-כל-ביתו
18 והוא בן-בליעל מדבר אליו: ותמהר אבוגיל ותקח
מאתים לחם ושנים נבלי-יין וחמש צאן עשוות וחמש
סאים קלי ומאה צמקים ומאתים דבלים ותשם על-
19 החמרים: ותאמר לנעריה עברו לפני הנני אחריכם
כ באה ולאישה נבל לא הגידה: והיה היא | רכבת על-
החמור וירדת בסתר ההר והנה דוד ואנשיו ירדים
21 לקראתה ותפגש אתם: ודוד אמר אך לשקר שמרתי
את-כל-אשר לזה במדבר ולא-נפקד מכל-אשר-לו
22 מאומה וישב-לי רעה תחת טובה: כה-יעשה אלהים
לאיבי דוד וכה יסיף אם-אשאיר מכל-אשר-לו עד-אור

וואס געפינט זיך אין דיינע האנד צו דיין קנעכט, אונד צו דיין זוהן, צו דוד: 9 אונד ווען דוד'ס יונגען זענען געקומען אזוי האבען זייא גערעט צו נבל אלע דיא דאזיגע ווערטער אין דעם נאמען פון דוד, אונד זייא האבען זיך אפגערוהט: 10 אונד נבל האט געענטפערט צו דיא קנעכט פון דוד, אונד ער האט געזאגט, ווער איז דוד? אונד ווער איז דער זוהן פון ישי? היינט זענען פילע קנעכט וואס ברעכען אוועק איטליכער פון פאר זיין האר: 11 זאל איך דען נעמען מיין ברויט אונד מיין וואסער, אונד מיינע שעכטונג וואס איך האב געשאכטען פאר מיינע שערערס אונד זאל עס געבען צו זאלכע מענער וואס איך ווייס ניט פון וואנען זייא זענען? 12 אזוי זענען דוד'ס יונגען אומגעקעהרט צו זייער וועג, אונד זייא זענען צוריקגעקומען, אונד זייא האבען איהם געזאגט אלע דיא דאזיגע ווערטער: 13 אונד דוד האט געזאגט צו זיינע מענער, גארטעלט אן איטליכער זיין שווערד, אזוי האט איטליכער זיין שווערד אנגעגארטעלט, . אונד דוד האט אויך אנגעגארטעלט זיין שווערד, אונד זייא זענען ארויפגעגאנגען הינטער דוד, אן ערך פון פיער הונדערט מאן, אונד צוויא הונדערט זענען געבליבען (צו היטען) בייא דיא כלים: 14 אבער איינער פון דיא יונגען האט געזאגט צו אביגיל נבל'ס ווייב, אזוי צו זאגען, זעה, דוד האט געשיקט שלוחים פון דער מדבר אונזער האר צו בענשען, אונד ער האט זייא אנגעשריען: 15 אונד דיא מענער זענען זעהר גוט געוועזען צו אונס, אונד מיר זענען ניט בעשעהמט געווארען, אונד עס האט אונס קיין שום זאך געפעהלט אלע טעג וואס מיר זענען ארומגעגאנגען מיט זייא ווען מיר זענען געוועזען אויף דעם פעלד: 16 זייא זענען אויך צו אונס געוועזען א מויער בייא טאג אזוי וויא בייא נאכט, אלע טעג ווען מיר זענען מיט זייא געוועזען אונד האבען געפאשעט דיא שאף: 17 אונד אצונד דערקען אונד זעה וואס דוא זאלסט טהון, ווארין דאס שלעכטע האט זיך אויסגעלאזט איבער אונזער האר אונד איבער זיין גאנץ הויזגעזינד, ווארין ער איז אזוי א שלעכטער דאס מען קען ניט צו איהם רעדען: 18 אזוי האט זיך אביגיל געאיילט אונד זיא האט גענומען צוויא הונדערט ברויט, אונד צוויא לאגעל וויין, אונד פינף צורעכטגעמאכטע שאף, אונד פינף מאס געברענטע זאנגען, אונד הונדערט הענגלעך ראזשינקעס, אונד צוויא הונדערט קערב פייגען, אונד זיא האט זייא ארויפגעלייגט אויף דיא איזעל: 19 אונד זיא האט געזאגט צו איהרע יונגען, גייט אריבער פאר מיר, זעהט איך קום הינטער אייך, אבער זיא האט עס ניט געזאגט צו איהר מאן נבל: 20 אונד עס איז געוועזען ווען זיא האט געריטען אויף דעם איזעל, דאס זיא איז ארופגענידערט אויף דער פערבארגענע זייט פון דעם בארג, אונד זעה, אזוי איז דוד אונד זיינע מענער ארופגעגאנגען איהר ענטקעגען, אונד זיא האט זייא בעגעגענט: 21 אונד דוד האט געטראכט, האב איך אומזיסט געהיט אלעס וואס געהערט צו דעם דאזיגען אין דער מדבר, אונד פון אלעם וואס געהערט צו איהם האט קיין שום זאך ניט געפעהלט, אונד ער האט מיר צוריקגעקעהרט שלעכטעס אנשטאט גוטעס: 22 אזוי זאל גאט טהון צו דיא פיינד פון דוד, אונד נאך מעהר, אויב איך וועל צו איהם איבערלאזען ביז מארגען

פריה פון אלע וואס זענען משתין אן
דער וואנד: 23 אונד ווען אביגיל האט
געזעהען דוד, אזוי האט זיא זיך געאיילט
אונד איז ארופגעגאנגען פון דעם איזעל,
אונד זיא איז געפאלען פאר דוד אויף
איהר פנים, אונד זיא האט זיך געביקט
צו דער ערד: 24 אונד זיא איז געפאלען
צו זיינע פיס, אונד זיא האט געזאגט,
איך בעט דיך מיין הער, אין מיר איז
דיא זינד, לאז דאך דיינע דינסטמויד
רעדען אין דיינע אויערן, אונד הער צו
דיא רייד פון דיינע דינסטמויד: 25 לאז
ניט מיין הער, איך בעט דיך, בעטראכ־
טען דעם דאזיגען שלעכטען מאן, דעם
נבל, ווארין אזוי ווי זיין נאמען איז נבל
אזוי איז אויך זיינע נארישקייט מיט
איהם, אבער איך דיינע דינסטמויד, האב
ניט געזעהען דיא יונגען וואס דו האסט
געשיקט: 26 אונד אצונד אזוי וויא גאט
לעבט אונד אזוי וויא דו לעבסט, דאס
גאט האט דיך צוריקגעהאלטען פון צו
קומען כדי בלוט צו פערגיסען, אונד אז
דו זאלסט דיך ניט אליין נוקם זיין,
אונד לאזען אצונד דיינע פיינד זיין וויא
נבל, אויך דיא וואס זוכען שלעכטעס צו
מיין הער: 27 אונד היינט לאז דיא דאזיגע מתנה וואס דיינע דינסטמויד האט
געבראכט צו מיין הער געגעבען ווערען צו דיא יונגען וואס גייען נאך מיין הער:
28 איך בעט דיך, פערגעב דיא זינד פון דיינע דינסטמויד, ווארין גאט וועט געוויס
מאכען צו מיין הער א פארזיכערט הויזגעזינד, ווארין מיין הער טהוט מלחמה
האלטען אין דיא מלחמות פון יהוה, אונד קיין שום שלעכטעס וועט אין דיר קיינמאל
ניט געפונען ווערען: 29 אונד ווען א מענש איז אויפגעשטאנען דיך צו יאגען אונד
דיין לעבען צו זוכען, אזוי זאל דאס לעבען פון מיין הער זיין איינגעבונדען אין דעם
בינדעל פון דעם לעבען פון יהוה דיין גאט, אבער דאס לעבען פון דיינע פיינד וועט
מען שליידערן וויא מען שליידערט אויס דער מיטען מיט א שטיין: 30 אונד עס
וועט זיין אז ווען יהוה וועט טהון צו מיין הער נאך אלעם גוטען וואס ער האט
איבער דיר גערעדט, אונד ער וועט דיך געביטען אלס א הערשער איבער ישראל:
31 אזוי זאל דאס צו דיר ניט זיין אן אנשטויס אונד א שטרויכלונג פון דעם הארץ
צו מיין הער, אונד אומזוסט בלוט צו פערגיסען, אז מיין הער זאל זיך אליין העלפען;
אונד ווען גאט וועט מיין הער גוטעס טהון אזוי זאלסט דו געדענקען אן דיינע
דינסטמויד: 32 אונד דוד האט געזאגט צו אביגיל, געבענשט איז יהוה דער גאט פון
ישראל וואס האט דיך דעם היינטיגען טאג מיר ענטקעגען געשיקט: 33 אונד
געבענשט איז דיינע עצה, אונד געבענשט ביזט דו ווייל דו האסט מיך דעם
היינטיגען טאג צוריקגעהאלטען פון צו קומען בלוט צו פערגיסען, אונד מיר
אליין צו העלפען: 34 זיכערליך, אזוי וואהר וויא יהוה דער גאט פון ישראל
לעבט, וואס האט מיך צוריקגעהאלטען דיר שלעכטעס צו טהון, ווארין ווען דו
וואלסט דיך ניט געאיילט מיר ענטקעגען צו קומען, אויב איך וואלט צו נבל ביז
מארגען פריה איבערגעלאזט איינעם וואס איז משתין אן דער וואנד: 35 אונד דוד
האט גענומען פון איהרע האנד דאס וואס זיא האט צו איהם געבראכט, אונד ער האט
צו איהר געזאגט, גייא ארויף צו דיין הויז בשלום, זעה, איך האב צוגעהערט צו דיין
קול, אונד איך האב דיין פנים אנגענומען: 36 אונד ווען אביגיל איז אנגעקומען

הבקר משתין בקיר: ותרא אביגיל את־דוד ותמהר 23
ותרד מעל החמור ותפל לאפי דוד על־פניה ותשתחו
ארץ: ותפל על־רגליו ותאמר בי־אני אדני העון ותדבר־ 24
נא אמתך באזניך ושמע את דברי אמתך: אל־נא ישים כה
אדני | את־לבו אל־איש הבליעל הזה על־נבל כי־כשמו
כן־הוא נבל שמו ונבלה עמו ואני אמתך לא־ראיתי
את־נערי אדני אשר שלחת: ועתה אדני חי־יהוה וחי־ 26
נפשך אשר מנעך יהוה מבוא בדמים והושע ידך לך
ועתה יהיו כנבל איביך והמבקשים אל־אדני רעה:
ועתה הברכה הזאת אשר־הביא שפחתך לאדני ונתנה 27
לנערים המתהלכים ברגלי אדני: שא נא לפשע אמתך 28
כי־עשה יעשה יהוה לאדני בית נאמן כי־מלחמות
יהוה אדני נלחם ורעה לא־תמצא בך מימיך: ויקם 29
אדם לרדפך ולבקש את־נפשך והיתה נפש אדני
צרורה | בצרור החיים את יהוה אלהיך ואת נפש
איביך יקלענה בתוך כף הקלע: והיה כי־יעשה יהוה ל
לאדני ככל אשר־דבר את־הטובה עליך וצוך לנגיד על־
ישראל: ולא־תהיה זאת | לך לפוקה ולמכשול לב 31
לאדני ולשפך־דם חנם ולהושיע אדני לו והיטב יהוה
לאדני וזכרת את־אמתך: ויאמר דוד לאביגל 32
ברוך יהוה אלהי ישראל אשר שלחך היום הזה לקראתי:
וברוך טעמך וברוכה את אשר כלתני היום הזה מבוא 33
בדמים והשע ידי לי: ואולם חי־יהוה אלהי ישראל 34
אשר מנעני מהרע אתך כי | לולי מהרת ותבאתי לקראתי
כי אם־נותר לנבל עד־אור הבקר משתין בקיר: ויקח לה
דוד מידה את אשר־הביאה לו ולה אמר עלי לשלום
לביתך ראי שמעתי בקולך ואשא פניך: ותבא אביגיל 36

אֶל־נָבָל וְהִנֵּה־לוֹ מִשְׁתֶּה בְּבֵיתוֹ כְּמִשְׁתֵּה הַמֶּלֶךְ וְלֵב
נָבָל טוֹב עָלָיו וְהוּא שִׁכֹּר עַד־מְאֹד וְלֹא־הִגִּידָה לּוֹ דָּבָר
37 קָטֹן וְגָדוֹל עַד־אוֹר הַבֹּקֶר׃ וַיְהִי בַבֹּקֶר בְּצֵאת הַיַּיִן מִנָּבָל
וַתַּגֶּד־לוֹ אִשְׁתּוֹ אֶת־הַדְּבָרִים הָאֵלֶּה וַיָּמָת לִבּוֹ בְּקִרְבּוֹ
38 וְהוּא הָיָה לְאָבֶן׃ וַיְהִי כַּעֲשֶׂרֶת הַיָּמִים וַיִּגֹּף יְהוָה אֶת־נָבָל
39 וַיָּמֹת׃ וַיִּשְׁמַע דָּוִד כִּי־מֵת נָבָל וַיֹּאמֶר בָּרוּךְ יְהוָה אֲשֶׁר
רָב אֶת־רִיב חֶרְפָּתִי מִיַּד נָבָל וְאֶת־עַבְדּוֹ חָשַׂךְ מֵרָעָה
וְאֵת רָעַת נָבָל הֵשִׁיב יְהוָה בְּרֹאשׁוֹ וַיִּשְׁלַח דָּוִד וַיְדַבֵּר
מ בַּאֲבִיגַיִל לְקַחְתָּהּ לוֹ לְאִשָּׁה׃ וַיָּבֹאוּ עַבְדֵי דָוִד אֶל־
אֲבִיגַיִל הַכַּרְמֶלָה וַיְדַבְּרוּ אֵלֶיהָ לֵאמֹר דָּוִד שְׁלָחָנוּ אֵלַיִךְ
41 לְקַחְתֵּךְ לוֹ לְאִשָּׁה׃ וַתָּקָם וַתִּשְׁתַּחוּ אַפַּיִם אָרְצָה וַתֹּאמֶר
42 הִנֵּה אֲמָתְךָ לְשִׁפְחָה לִרְחֹץ רַגְלֵי עַבְדֵי אֲדֹנִי׃ וַתְּמַהֵר
וַתָּקָם אֲבִיגַיִל וַתִּרְכַּב עַל־הַחֲמוֹר וְחָמֵשׁ נַעֲרֹתֶיהָ הַהֹלְכוֹת
43 לְרַגְלָהּ וַתֵּלֶךְ אַחֲרֵי מַלְאֲכֵי דָוִד וַתְּהִי־לוֹ לְאִשָּׁה׃ וְאֶת־
אֲחִינֹעַם לָקַח דָּוִד מִיִּזְרְעֶאל וַתִּהְיֶיןָ גַּם־שְׁתֵּיהֶן לוֹ לְנָשִׁים׃
44 וְשָׁאוּל נָתַן אֶת־מִיכַל בִּתּוֹ אֵשֶׁת דָּוִד לְפַלְטִי בֶן־לַיִשׁ
אֲשֶׁר מִגַּלִּים׃

## כו

כו
א וַיָּבֹאוּ הַזִּפִים אֶל־שָׁאוּל הַגִּבְעָתָה לֵאמֹר הֲלוֹא דָוִד
2 מִסְתַּתֵּר בְּגִבְעַת הַחֲכִילָה עַל פְּנֵי הַיְשִׁימֹן׃ וַיָּקָם שָׁאוּל
וַיֵּרֶד אֶל־מִדְבַּר־זִיף וְאִתּוֹ שְׁלֹשֶׁת־אֲלָפִים אִישׁ בְּחוּרֵי
3 יִשְׂרָאֵל לְבַקֵּשׁ אֶת־דָּוִד בְּמִדְבַּר־זִיף׃ וַיִּחַן שָׁאוּל בְּגִבְעַת
הַחֲכִילָה אֲשֶׁר עַל־פְּנֵי הַיְשִׁימֹן עַל־הַדָּרֶךְ וְדָוִד יֹשֵׁב
4 בַּמִּדְבָּר וַיַּרְא כִּי בָא שָׁאוּל אַחֲרָיו הַמִּדְבָּרָה׃ וַיִּשְׁלַח
ה דָּוִד מְרַגְּלִים וַיֵּדַע כִּי־בָא שָׁאוּל אֶל־נָכוֹן׃ וַיָּקָם דָּוִד
וַיָּבֹא אֶל־הַמָּקוֹם אֲשֶׁר חָנָה־שָׁם שָׁאוּל וַיַּרְא דָּוִד אֶת־
הַמָּקוֹם אֲשֶׁר שָׁכַב־שָׁם שָׁאוּל וְאַבְנֵר בֶּן־נֵר שַׂר־צְבָאוֹ

צו נבל, זעה אזוי איז געוועזען א סעודה אין זיין הויז, אזוי וויא א סעודה פון א מלך, אונד נבל'ס הארץ איז פריילין געוועזען, אונד ער וואר זעהר שכור, אבער זיא האט איהם קיין שום זאך געזאגט ביז אין דעם פריה מארגען: 37 אונד עס איז געוועזען אם פריה מארגען, ווען נבל איז ניכטערן געווארען, אזוי האט איהם זיין ווייב געזאגט פון דיא דאזיגע זאכען, אונד זיין הארץ איז אין איהם (וויא) אפגעשטארבען, אונד ער איז געווארען וויא א שטיין: 38 אונד עס איז געוועזען אין אן ערך פון צעהן טעג, אזוי האט גאט געשלאגען נבל אונד ער איז געשטארבען: 39 אונד ווען דוד האט געהערט אז נבל איז געשטארבען, אזוי האט ער געזאגט, געבענשט איז יהוה וואס האט געשטריטען דעם שטרייט פון מיינע שאנד פון נבל'ס האנד, אונד האט צוריקגעהאלטען זיין קנעכט פון שלעכטען, אונד דאס שלעכטע פון נבל האט גאט צוריק־געקעהרט אויף זיין קאפ; אונד דוד האט אהינגעשיקט אונד געלאזט רעדען מיט אביגיל, כדי זיא צו זיך צו נעמען פאר א ווייב: 40 אונד דיא קנעכט פון דוד זענען געקומען צו אביגיל קיין כרמל, אונד זייא האבען צו איהר גערעט אזוי צו זאגען, דוד האט אונס צו דיר געשיקט, כדי דיך צו נעמען צו איהם פאר א ווייב: 41 אזוי איז זיא אויפגעשטאנען אונד האט זיך געביקט מיט איהר פנים צו דער ערד, אונד זיא האט געזאגט, זעה, דיינע דינסטמויד איז א דינסט צו וואשען דיא פיס פון מיין האר'ס קנעכט: 42 אונד אביגיל האט זיך געאיילט, אונד זיא איז אויפגעשטאנען אונד געריטען אויף דעם אייזעל, אונד איהרע פינף יונגע מעדכען זענען איהר צו פוס נאכגעגאנגען, אונד זיא איז נאכגעגאנגען דיא שלוחים פון דוד, אונד זיא איז געווארען זיין ווייב: 43 אונד דוד האט אויך גענומען אחינעם אוים יזרעאל, אונד זייא ביידע זענען צו איהם געוועזען צו ווייבער: 44 אונד שאול האט געגעבען מיכל זיינע טאכטער, דאס ווייב פון דוד, צו פלטי זוהן פון ליש אוים גלים:

## קאפיטעל כו

1 אונד דיא זיפים זענען געקומען צו שאול קיין גבעה אונד האבען געזאגט, האט זיך ניט דוד בעהאלטען אין דער הויך פון חכילה וואס איז אין ישימון? 2 אזוי איז שאול אויפגעשטאנען אונד איז ארויפגעגאנגען צו דער מדבר זיף, אונד מיט איהם דרייא טויזענד אויסדערוויילטע מענער פון ישראל, כדי צו זוכען דוד אין דער מדבר זיף: 3 אונד שאול האט זיך געלאגערט בייא דער הויך פון חכילה, וואס איז פאר ישימון בייא דעם וועג, אבער דוד איז געבליבען אין דער מדבר, אונד ער האט געזעהען אז שאול איז איהם נאכגעגאנגען אין דער מדבר אריין: 4 אונד דוד האט ארויפגעשיקט מרגלים, אונד ער האט פערשטאנען אז שאול איז זיכער אנגעקומען: 5 אונד דוד איז אויפגעשטאנען, אונד ער איז געקומען צו דעם ארט אוואו שאול האט זיך געלאגערט, אונד דוד האט געזעהען דעם ארט וואו שאול אונד אבנר זוהן פון נר זיין הויפטמאן, זענען דארט געלעגען,

אָבֶּער שָׁאוּל אִיז גֶעלֶעגֶען אִין דֶעם
צִירְקֶעל, אוּנְד דָאס פָאלְק הָאט זִיךְ גֶע־
לַאגֶערְט רִינְגְסאַרוּם אִיהְם׃ 6 אוּנְד דָוִד
הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט צוּ
אֲחִימֶלֶךְ דֶעם חִתִּי, אוּנְד צוּ אֲבִישַׁי זוּהְן
פוּן צְרוּיָה, יוֹאָבְ'ס בְּרוּדֶער, אַזוֹי צוּ
זָאגֶען, װֶער װִיל מִיט מִיר אַרוֹיפְגֵיין צוּ
שָׁאוּל אִין דֶער מַחֲנֶה? אוּנְד אֲבִישַׁי הָאט
גֶעזָאגְט, אִיךְ װֶעל מִיט דִיר אַרוֹיפְגֵיין׃
7 אַזוֹי זֶענֶען דָוִד אוּנְד אֲבִישַׁי גֶעקוּמֶען
צוּ דֶעם פָאלְק בַּייא נַאכְט, אוּנְד זֶעה,
שָׁאוּל אִיז גֶעלֶעגֶען אוּנְד הָאט גֶעשְׁלָא־
פֶען אִין דֶעם צִירְקֶעל, אוּנְד זֵיין שְׁפִּיז
אִיז גֶעװֶעזֶען אַרֵיינְגֶעשְׁטֶעקְט אִין דֶער
עֶרְד בַּייא זֵיין קָאפּ קִישֶׁען, אוּנְד אַבְנֵר
אוּנְד דָאס פָאלְק זֶענֶען גֶעלֶעגֶען רִינְגְס
אַרוּם אִיהְם׃ 8 אוּנְד אֲבִישַׁי הָאט גֶעזָאגְט
צוּ דָוִד, גָאט הָאט הֵיינְט אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען
דֵיין פֵיינְד אִין דֵיינֶע הַאנְד; לָאז מִיךְ
אִיהְם דָאךְ יֶעצְט אוֹיף אֵיין מָאל דֶערְ־
שְׁלָאגֶען מִיט דֶעם שְׁפִּיז בִּיז אַן דֶער
עֶרְד, אוּנְד אִיךְ װֶעל אִיהְם נִיט דָאס
צְװֵייטֶע מָאל שְׁלָאגֶען׃ 9 אוּנְד דָוִד הָאט
גֶעזָאגְט צוּ אֲבִישַׁי דוּא זָאלְסְט אִיהְם נִיט פֶערְדַארְבֶּען, װָארִין װֶער קֶען זֵיינֶע הַאנְד
אוֹיסְשְׁטְרֶעקֶען אַן דֶעם גֶעזַאלְבְּטֶען פוּן יְהֹוָה אוּנְד אוּנְשׁוּלְדִיג בְּלֵייבֶּען? 10 אוּנְד דָוִד הָאט
װֵייטֶער גֶעזָאגְט, אַזוֹי װִיא יְהֹוָה לֶעבְּט, נֵייעֶרְט יְהֹוָה זָאל אִיהְם שְׁלָאגֶען, אָדֶער זֵיין טָאג
װֶעט קוּמֶען צוּ שְׁטַארְבֶּען, אָדֶער עֶר װֶעט אַרוֹיפְגֵיין צוּ דֶער מִלְחָמָה אוּנְד אוּמְקוּמֶען׃
11 (חָלִילָה) פֶערְמִיטֶען זָאל עֶס צוּ מִיר זֵיין פוּן גָאט מֵיינֶע הַאנְד אוֹיסְצוּשְׁטְרֶעקֶען
קֶעגֶען דֶעם גֶעזַאלְבְּטֶען פוּן יְהֹוָה; אוּנְד אַצוּנְד נֶעם דָאךְ אַװֶעק דֶעם שְׁפִּיז װָאס אִיז
בַּייא זֵיין קָאפּ, אוּנְד דָאס קְרִיגֶעל מִיט װַאסֶער אוּנְד לָאמִיר אַװֶעקְגֵיין׃ 12 אַזוֹי הָאט
דָוִד גֶענוּמֶען דֶעם שְׁפִּיז אוּנְד דָאס קְרִיגֶעל מִיט װַאסֶער װָאס אִיז גֶעװֶעזֶען צוּ
קָאפֶּענְס פוּן שָׁאוּל, אוּנְד זֵייא זֶענֶען אַװֶעקְגֶעגַאנְגֶען, אוּנְד קֵיינֶער הָאט זֵייא נִיט
גֶעזֶעהֶען אוּנְד קֵיינֶער הָאט עֶס נִיט גֶעװוּאוּסְט, אוּנְד קֵיינֶער אִיז אוֹיפְגֶעװַאכְט, װָארִין
אַ טִיפֶער שְׁלָאף פוּן גָאט אִיז אוֹיף זֵייא גֶעפַאלֶען׃ 13 אוּנְד דָוִד אִיז אַרִיבֶּערְגֶעגַאנְ־
גֶען אוֹיף דֶער אַנְדֶערֶע זֵייט אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ גֶעשְׁטֶעלְט אוֹיף דֶער שְׁפִּיץ פוּן דֶעם
בַּארְג פוּן װֵייטֶען, עֶס אִיז צְװִישֶׁען זֵייא גֶעװֶעזֶען אַ גְרוֹיסֶער פְּלַאץ׃— 14 אוּנְד דָוִד
הָאט גֶערוּפֶען צוּ דֶעם פָאלְק, אוּנְד צוּ אַבְנֵר זוּהְן פוּן נֵר, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, עֶנְטְפֶערְסְט
דוּא נִיט אַבְנֵר? אוּנְד אַבְנֵר הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד גֶעזָאגְט, װֶער בִּיזְט דוּא װָאס
רוּפְסְט צוּ דֶעם קֶענִיג? 15 אוּנְד דָוִד הָאט גֶעזָאגְט צוּ אַבְנֵר, בִּיזְט דוּא נִיט אַ הֶעלְד?
אוּנְד װֶער אִיז דִיר גְלֵייךְ אִין יִשְׂרָאֵל? אוּנְד פַארװָאס הָאסְט דוּא נִיט גֶעהִיט דֵיין
הַאר, דֶעם מֶלֶךְ? װָארִין אֵיינֶער פוּן דֶעם פָאלְק אִיז גֶעקוּמֶען צוּ פֶערְדַארְבֶּען דֶעם
קֶענִיג, דֵיין הַאר׃ 16 דִיא זַאךְ אִיז נִיט גוּט װָאס דוּא הָאסְט גֶעטְהוּן, אַזוֹי װִיא יְהֹוָה
לֶעבְּט, אִיהְר זֶענְט דֶעם טוֹיט שׁוּלְדִיג, װֵייל אִיהְר הָאט נִיט גֶעהִיט אֵייעֶר הַאר,
דֶעם גֶעזַאלְבְּטֶען פוּן יְהֹוָה, אוּנְד אַצוּנְד זֶעהְט, אַװוּאוּ אִיז דֶעם מֶלֶךְ'ס שְׁפִּיז אוּנְד דָאס
קְרִיגֶעל מִיט װַאסֶער װָאס אִיז גֶעװֶעזֶען צוּ זֵיין קָאפֶּענְס׃ 17 אוּנְד שָׁאוּל הָאט
דֶערְקֶענְט דָאס קוֹל פוּן דָוִד, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, אִיז דָאס דֵיין קוֹל מֵיין זוּהְן דָוִד?
אוּנְד דָוִד הָאט גֶעזָאגְט, עֶס אִיז מֵיין קוֹל מֵיין הַאר קֶענִיג׃ 18 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט,

6 וְשָׁאוּל שֹׁכֵב בַּמַּעְגָּל וְהָעָם חֹנִים סְבִיבֹתָו׃ וַיַּעַן דָּוִד
וַיֹּאמֶר ׀ אֶל־אֲחִימֶלֶךְ הַחִתִּי וְאֶל־אֲבִישַׁי בֶּן־צְרוּיָה אֲחִי
יוֹאָב לֵאמֹר מִי־יֵרֵד אִתִּי אֶל־שָׁאוּל אֶל־הַמַּחֲנֶה וַיֹּאמֶר
7 אֲבִישַׁי אֲנִי אֵרֵד עִמָּךְ׃ וַיָּבֹא דָוִד וַאֲבִישַׁי ׀ אֶל־הָעָם
לַיְלָה וְהִנֵּה שָׁאוּל שֹׁכֵב יָשֵׁן בַּמַּעְגָּל וַחֲנִיתוֹ מְעוּכָה־
בָאָרֶץ מְרַאֲשֹׁתָו וְאַבְנֵר וְהָעָם שֹׁכְבִים סְבִיבֹתָו׃
8 וַיֹּאמֶר אֲבִישַׁי אֶל־דָּוִד סִגַּר אֱלֹהִים הַיּוֹם אֶת־אוֹיִבְךָ
בְּיָדֶךָ וְעַתָּה אַכֶּנּוּ נָא בַּחֲנִית וּבָאָרֶץ פַּעַם אַחַת וְלֹא
9 אֶשְׁנֶה לוֹ׃ וַיֹּאמֶר דָּוִד אֶל־אֲבִישַׁי אַל־תַּשְׁחִיתֵהוּ כִּי מִי
י שָׁלַח יָדוֹ בִּמְשִׁיחַ יְהוָה וְנִקָּה׃ וַיֹּאמֶר דָּוִד חַי־יְהוָה כִּי
אִם־יְהוָה יִגָּפֶנּוּ אוֹ־יוֹמוֹ יָבוֹא וָמֵת אוֹ בַמִּלְחָמָה יֵרֵד
11 וְנִסְפָּה׃ חָלִילָה לִּי מֵיְהוָה מִשְּׁלֹחַ יָדִי בִּמְשִׁיחַ יְהוָה
וְעַתָּה קַח־נָא אֶת־הַחֲנִית אֲשֶׁר מְרַאֲשֹׁתָו וְאֶת־צַפַּחַת
12 הַמַּיִם וְנֵלְכָה־לָּנוּ׃ וַיִּקַּח דָּוִד אֶת־הַחֲנִית וְאֶת־צַפַּחַת
הַמַּיִם מֵרַאֲשֹׁתֵי שָׁאוּל וַיֵּלְכוּ לָהֶם וְאֵין רֹאֶה וְאֵין יוֹדֵעַ
וְאֵין מֵקִיץ כִּי כֻלָּם יְשֵׁנִים כִּי תַּרְדֵּמַת יְהוָה נָפְלָה
13 עֲלֵיהֶם׃ וַיַּעֲבֹר דָּוִד הָעֵבֶר וַיַּעֲמֹד עַל־רֹאשׁ־הָהָר מֵרָחֹק
14 רַב הַמָּקוֹם בֵּינֵיהֶם׃ וַיִּקְרָא דָוִד אֶל־הָעָם וְאֶל־אַבְנֵר
בֶּן־נֵר לֵאמֹר הֲלוֹא תַעֲנֶה אַבְנֵר וַיַּעַן אַבְנֵר וַיֹּאמֶר מִי
טו אַתָּה קָרָאתָ אֶל־הַמֶּלֶךְ׃ וַיֹּאמֶר דָּוִד אֶל־אַבְנֵר
הֲלוֹא־אִישׁ אַתָּה וּמִי כָמוֹךָ בְּיִשְׂרָאֵל וְלָמָּה לֹא שָׁמַרְתָּ
אֶל־אֲדֹנֶיךָ הַמֶּלֶךְ כִּי־בָא אַחַד הָעָם לְהַשְׁחִית אֶת־הַמֶּלֶךְ
16 אֲדֹנֶיךָ׃ לֹא־טוֹב הַדָּבָר הַזֶּה אֲשֶׁר עָשִׂיתָ חַי־יְהוָה כִּי
בְנֵי־מָוֶת אַתֶּם אֲשֶׁר לֹא־שְׁמַרְתֶּם עַל־אֲדֹנֵיכֶם עַל־מְשִׁיחַ
יְהוָה וְעַתָּה ׀ רְאֵה אֵי־חֲנִית הַמֶּלֶךְ וְאֶת־צַפַּחַת הַמַּיִם
17 אֲשֶׁר מְרַאֲשֹׁתָו׃ וַיַּכֵּר שָׁאוּל אֶת־קוֹל דָּוִד וַיֹּאמֶר הֲקוֹלְךָ
18 זֶה בְּנִי דָוִד וַיֹּאמֶר דָּוִד קוֹלִי אֲדֹנִי הַמֶּלֶךְ׃ וַיֹּאמֶר לָמָּה

זֶה אֲדֹנִי רֹדֵף אַחֲרֵי עַבְדּוֹ כִּי מֶה עָשִׂיתִי וּמַה־בְּיָדִי
19 רָעָה׃ וְעַתָּה יִשְׁמַע־נָא אֲדֹנִי הַמֶּלֶךְ אֵת דִּבְרֵי עַבְדּוֹ אִם־
יְהוָה הֱסִיתְךָ בִי יָרַח מִנְחָה וְאִם ׀ בְּנֵי הָאָדָם אֲרוּרִים
הֵם לִפְנֵי יְהוָה כִּי־גֵרְשׁוּנִי הַיּוֹם מֵהִסְתַּפֵּחַ בְּנַחֲלַת יְהוָה
כ לֵאמֹר לֵךְ עֲבֹד אֱלֹהִים אֲחֵרִים׃ וְעַתָּה אַל־יִפֹּל דָּמִי
אַרְצָה מִנֶּגֶד פְּנֵי יְהוָה כִּי־יָצָא מֶלֶךְ יִשְׂרָאֵל לְבַקֵּשׁ אֶת־
21 פַּרְעֹשׁ אֶחָד כַּאֲשֶׁר יִרְדֹּף הַקֹּרֵא בֶּהָרִים׃ וַיֹּאמֶר שָׁאוּל
חָטָאתִי שׁוּב בְּנִי־דָוִד כִּי לֹא־אָרַע לְךָ עוֹד תַּחַת אֲשֶׁר
יָקְרָה נַפְשִׁי בְּעֵינֶיךָ הַיּוֹם הַזֶּה הִנֵּה הִסְכַּלְתִּי וָאֶשְׁגֶּה
22 הַרְבֵּה מְאֹד׃ וַיַּעַן דָּוִד וַיֹּאמֶר הִנֵּה הַחֲנִית הַמֶּלֶךְ וְיַעֲבֹר
23 אֶחָד מֵהַנְּעָרִים וְיִקָּחֶהָ׃ וַיהוָה יָשִׁיב לָאִישׁ אֶת־צִדְקָתוֹ
וְאֶת־אֱמֻנָתוֹ אֲשֶׁר נְתָנְךָ יְהוָה ׀ הַיּוֹם בְּיָד וְלֹא אָבִיתִי
24 לִשְׁלֹחַ יָדִי בִּמְשִׁיחַ יְהוָה׃ וְהִנֵּה כַּאֲשֶׁר גָּדְלָה נַפְשְׁךָ הַיּוֹם
הַזֶּה בְּעֵינָי כֵּן תִּגְדַּל נַפְשִׁי בְּעֵינֵי יְהוָה וְיַצִּלֵנִי מִכָּל־צָרָה׃
כה וַיֹּאמֶר שָׁאוּל אֶל־דָּוִד בָּרוּךְ אַתָּה בְּנִי דָוִד גַּם
עָשֹׂה תַעֲשֶׂה וְגַם יָכֹל תּוּכָל וַיֵּלֶךְ דָּוִד לְדַרְכּוֹ וְשָׁאוּל
שָׁב לִמְקוֹמוֹ׃

כז כו

א וַיֹּאמֶר דָּוִד אֶל־לִבּוֹ עַתָּה אֶסָּפֶה יוֹם־אֶחָד בְּיַד־שָׁאוּל
אֵין־לִי טוֹב כִּי־הִמָּלֵט אִמָּלֵט ׀ אֶל־אֶרֶץ פְּלִשְׁתִּים וְנוֹאַשׁ
מִמֶּנִּי שָׁאוּל לְבַקְשֵׁנִי עוֹד בְּכָל־גְּבוּל יִשְׂרָאֵל וְנִמְלַטְתִּי
2 מִיָּדוֹ׃ וַיָּקָם דָּוִד וַיַּעֲבֹר הוּא וְשֵׁשׁ־מֵאוֹת אִישׁ אֲשֶׁר עִמּוֹ
3 אֶל־אָכִישׁ בֶּן־מָעוֹךְ מֶלֶךְ גַּת׃ וַיֵּשֶׁב דָּוִד עִם־אָכִישׁ בְּגַת
הוּא וַאֲנָשָׁיו אִישׁ וּבֵיתוֹ דָּוִד וּשְׁתֵּי נָשָׁיו אֲחִינֹעַם הַיִּזְרְעֵאלִית
4 וַאֲבִיגַיִל אֵשֶׁת־נָבָל הַכַּרְמְלִית׃ וַיֻּגַּד לְשָׁאוּל כִּי־בָרַח
ה דָּוִד גַּת וְלֹא־יוֹסַף עוֹד לְבַקְשׁוֹ׃ וַיֹּאמֶר דָּוִד אֶל־
אָכִישׁ אִם־נָא מָצָאתִי חֵן בְּעֵינֶיךָ יִתְּנוּ־לִי מָקוֹם בְּאַחַת

פַאַרוָואס אִיז עֶס אַז מֵיין הַאר יָאגְט נָאךְ זַיין קְנֶעכְט, וָואס הָאבּ אִיךְ דֶען גֶעטְהוּן? אָדֶער וָואס פַאר שְׁלֶעכְטֶעס אִיז אִין מֵיינֶע הַאנְד? 19 אוּנְד אַצוּנְד, לָאז דָאךְ מֵיין הַאר דֶער קֶענִיג הֶערֶען דִיא וֶוערְטֶער פוּן זַיין קְנֶעכְט, וֶוען גָאט הָאט דִיךְ קֶעגֶען מִיר אָנְגֶערֵייצְט, לָאז עֶר שְׁמֶעקֶען מֵיין מִנְחָה, אוּנְד וֶוען עֶס אִיז פוּן מֶענְשֶׁען, אַזוֹי זָאלֶען זַייא פֶערְשָׁאלְטֶען זַיין פָאר גָאט; וָוארִין זַייא הָאבֶּען מִיךְ הֵיינְט פֶערְטְרִיבֶּען אַז אִיךְ זָאל מִיךְ נִיט בֶּעהֶעפְטֶען אַן דֶער נַחֲלָה פוּן יְהוָֹה, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, גֵייא אַוֶועק אוּנְד דִינֶע אַנְדֶערֶע גֶעטֶער: 20 אוּנְד אַצוּנְד, לָאז דָאךְ נִיט מֵיין בְּלוּט פַאלֶען צוּ דֶער עֶרְד פָאר גָאט, וָוארִין דֶער קֶענִיג פוּן יִשְׂרָאֵל אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען צוּ זוּכֶען אַ פְלוֹי, אַזוֹי וִויא מֶען יָאגְט נָאךְ אַ (קוֹרֵא) רֶעבְּהוּן אוֹיף דִיא בֶּערְג: 21 אַזוֹי הָאט שָׁאוּל גֶעזָאגְט, אִיךְ הָאבּ גֶעזִינְדִיגְט, קֶעהְר צוּרִיק, מֵיין זוּהְן דָוִד, וָוארִין אִיךְ וֶועל דִיר נִיט מֶעהְר קֵיין שְׁלֶעכְטֶעס טְהוּן; וֵוייל דוּא הָאסְט מֵיין לֶעבֶּען טֵייעֶר גֶע־הַאלְטֶען אִין דֵיינֶע אוֹיגֶען דֶעם הֵיינְטִיגֶען טָאג, זֶעה אִיךְ הָאבּ נַארִישׁ גֶעהַאנְדֶעלְט, אוּנְד אִיךְ הָאבּ מִיךְ זֶעהְר תּוֹעֶה גֶעוֶועזֶען: 22 אוּנְד דָוִד הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד גֶעזָאגְט, זֶעה דֶעם שְׁפִּיז פוּן דֶעם מֶלֶךְ, לָאז אֵיינֶער פוּן דִיא יוּנְגֶען אַרִיבֶּערְקוּמֶען אוּנְד עֶס נֶעמֶען: 23 אוּנְד לָאז גָאט צוּרִיק־קֶעהְרֶען צוּ אִיטְלִיכֶען נָאךְ זַיינֶע גֶערֶעכְטִיגְקֵייט אוּנְד נָאךְ זַיינֶע טְרֵייהֵייט, וָוארִין הָאטְשֶׁע גָאט הָאט דִיךְ הֵיינְט אִין מֵיינֶע הַאנְד גֶעגֶעבֶּען, דָאךְ הָאבּ אִיךְ נִיט גֶעוָואלְט אוֹיסְשְׁטְרֶעקֶען מֵיינֶע הַאנְד אַן דֶעם גֶעזַאלְבְּטֶען פוּן יְהוָֹה: 24 אוּנְד זֶעה, אַזוֹי וִויא דֵיין נֶפֶשׁ אִיז גֶעאַכְטֶעט גֶעוֶועזֶען אִין מֵיינֶע אוֹיגֶען, אַזוֹי זָאל מֵיין נֶפֶשׁ גֶעאַכְטֶעט זַיין אִין דִיא אוֹיגֶען פוּן גָאט, אוּנְד עֶר זָאל מִיךְ מַצִּיל זַיין פוּן אַלֶע צָרוֹת: 25 אוּנְד שָׁאוּל הָאט גֶעזָאגְט צוּ דָוִד, גֶעבֶּענְשְׁט בִּיזְט דוּא מֵיין זוּהְן דָוִד, דוּא וֶועסְט עֶס אוֹיךְ גֶעוִויס מְהוּן, אוּנְד דוּא וֶועסְט אוֹיךְ גֶעוִויס בַּייקוּמֶען; אַזוֹי אִיז דָוִד אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען אוֹיף זַיין וֶועג, אוּנְד שָׁאוּל הָאט צוּרִיקְגֶעקֶעהְרְט צוּ זַיין אָרְט:

## קאפיטעל כז

1 אוּנְד דָוִד הָאט גֶעטְרַאכְט אִין זַיין הַארְץ, אַצוּנְד וֶועל אִיךְ דָאךְ אֵיין טָאג אוּמְקוּמֶען פוּן דֶער הַאנְד פוּן שָׁאוּל, עֶס אִיז פַאר מִיר נִיט בֶּעסֶערֶעס פֶערְהַאנְדֶען, נֵייעֶרְט אַז אִיךְ זָאל אַנְטְרִינֶען צוּ דֶעם לַאנְד פוּן דִיא פְּלִשְׁתִּים, אַזוֹי וֶועט שָׁאוּל אוֹיס פֶערְצְוֵוייפְלוּנְג מִיךְ נִיט מֶעהְר אוֹיפְזוּכֶען אִין אַלֶע גְרֶענְעצֶען פוּן יִשְׂרָאֵל, אוּנְד אִיךְ וֶועל אַנְטְרִינֶען פוּן זַיינֶע הַאנְד: 2 אוּנְד דָוִד אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען אוּנְד אִיז אַרִיבֶּערְגֶעגַאנְ־גֶען, עֶר אוּנְד דִיא זֶעקְס הוּנְדֶערְט מַאן וָואס זֶענֶען מִיט אִיהְם גֶעוֶועזֶען—צוּ אָכִישׁ זוּהְן פוּן מָעוֹךְ, קֶענִיג פוּן גַת: 3 אוּנְד דָוִד הָאט גֶעוְואוֹינְט מִיט אָכִישׁ אִין גַת, עֶר אוּנְד זַיינֶע לֵייט, אִיטְלִיכֶער מִיט זַיין הוֹיזְגֶעזִינְד, דָוִד מִיט זַיינֶע צְוֵוייא וַוייבֶּער, אֲחִינֹעַם אוֹיס יִזְרְעֶאל, אוּנְד אֲבִיגַיִל, דָאס וַוייבּ פוּן נָבָל, אוֹיס כַּרְמֶל: 4 אוּנְד עֶס אִיז אָנְגֶעזָאגְט גֶעוָוארֶען צוּ שָׁאוּל אַז דָוִד אִיז אַנְטְלָאפֶען קֵיין גַת, אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם נִיט מֶעהְר גֶעזוּכְט: 5 אוּנְד דָוִד הָאט גֶעזָאגְט צוּ אָכִישׁ, וֶוען אִיךְ הָאבּ גֶעפוּנְ־גֶען חֵן אִין דֵיינֶע אוֹיגֶען, אַזוֹי זָאל מֶען מִיר גֶעבֶּען אֵיין אָרְט אִין אֵיינֶע

פון דיא שטעט פון דעם פעלד, אונד איך וועל דארט וואוינען, ווארום זאל דיין קנעכט וואוינען בייא דיר אין דיא קעניגליכע שטאט? 6 אזוי האט אכיש צו איהם אן דעמזעלביגען טאג געגעבען צקלג, דארום געהערט צקלג צו דיא מלכים פון יהודה ביז צו דעם היינטיגען טאג: 7 אונד דיא צאל פון דיא טעג וואס דוד האט געוואוינט אין דעם פעלד פון דיא פלשתים איז געוועזען איין יאהר אונד פיער חדשים: 8 אונד דוד איז ארויפגעגאנגען מיט זיינע מענער אונד זייא האבען זיך פערשפרייט קעגען דעם גשורי אונד דעם גרזי אונד דעם עמלק, ווארין זייא האבען פון פריהערע צייטען געוואוינט אין דעם לאנד וואו מען קומט פון שור ביז צו דעם לאנד מצרים: 9 אונד דוד האט געשלאגען דאס לאנד, אונד ער האט ניט געלאזט לעבען קיין מאן אונד קיין ווייב, אונד ער האט אוועקגענומען שאף, אונד רינדער, אונד אייזעל, אונד קעמעל, אונד קליידער, אונד ער האט צוריק־געקעהרט אונד איז געקומען צו אכיש: 10 אונד ווען אכיש האט געזאגט, האט

עָרֵי הַשָּׂדֶה וְאֵשְׁבָה שָּׁם וְלָמָּה יֵשֵׁב עַבְדְּךָ בְּעִיר
הַמַּמְלָכָה עִמָּךְ׃ וַיִּתֶּן־לוֹ אָכִישׁ בַּיּוֹם הַהוּא אֶת־צִקְלָג 6
לָכֵן הָיְתָה צִקְלַג לְמַלְכֵי יְהוּדָה עַד הַיּוֹם הַזֶּה׃
וַיְהִי מִסְפַּר הַיָּמִים אֲשֶׁר־יָשַׁב דָּוִד בִּשְׂדֵה פְלִשְׁתִּים 7
יָמִים וְאַרְבָּעָה חֳדָשִׁים׃ וַיַּעַל דָּוִד וַאֲנָשָׁיו וַיִּפְשְׁטוּ אֶל־ 8
הַגְּשׁוּרִי וְהַגִּרְזִי וְהָעֲמָלֵקִי כִּי הֵנָּה יֹשְׁבוֹת הָאָרֶץ אֲשֶׁר
מֵעוֹלָם בּוֹאֲךָ שׁוּרָה וְעַד־אֶרֶץ מִצְרָיִם׃ וְהִכָּה דָוִד אֶת־ 9
הָאָרֶץ וְלֹא יְחַיֶּה אִישׁ וְאִשָּׁה וְלָקַח צֹאן וּבָקָר וַחֲמֹרִים
וּגְמַלִּים וּבְגָדִים וַיָּשָׁב וַיָּבֹא אֶל־אָכִישׁ׃ וַיֹּאמֶר אָכִישׁ
אַל־פְּשַׁטְתֶּם הַיּוֹם וַיֹּאמֶר דָּוִד עַל־נֶגֶב יְהוּדָה וְעַל־נֶגֶב
הַיְּרַחְמְאֵלִי וְאֶל־נֶגֶב הַקֵּינִי׃ וְאִישׁ וְאִשָּׁה לֹא־יְחַיֶּה דָוִד 11
לְהָבִיא גַת לֵאמֹר פֶּן־יַגִּדוּ עָלֵינוּ לֵאמֹר כֹּה־עָשָׂה דָוִד
וְכֹה מִשְׁפָּטוֹ כָּל־הַיָּמִים אֲשֶׁר יָשַׁב בִּשְׂדֵה פְלִשְׁתִּים׃
וַיַּאֲמֵן אָכִישׁ בְּדָוִד לֵאמֹר הַבְאֵשׁ הִבְאִישׁ בְּעַמּוֹ בְיִשְׂרָאֵל 12
וְהָיָה לִי לְעֶבֶד עוֹלָם׃

כח כח

וַיְהִי בַּיָּמִים הָהֵם וַיִּקְבְּצוּ פְלִשְׁתִּים אֶת־מַחֲנֵיהֶם לַצָּבָא א
לְהִלָּחֵם בְּיִשְׂרָאֵל וַיֹּאמֶר אָכִישׁ אֶל־דָּוִד יָדֹעַ תֵּדַע כִּי אִתִּי
תֵּצֵא בַמַּחֲנֶה אַתָּה וַאֲנָשֶׁיךָ׃ וַיֹּאמֶר דָּוִד אֶל־אָכִישׁ לָכֵן 2
אַתָּה תֵדַע אֵת אֲשֶׁר־יַעֲשֶׂה עַבְדֶּךָ וַיֹּאמֶר אָכִישׁ אֶל־דָּוִד
לָכֵן שֹׁמֵר לְרֹאשִׁי אֲשִׂימְךָ כָּל־הַיָּמִים׃ וּשְׁמוּאֵל מֵת 3
וַיִּסְפְּדוּ־לוֹ כָּל־יִשְׂרָאֵל וַיִּקְבְּרֻהוּ בָרָמָה וּבְעִירוֹ וְשָׁאוּל
הֵסִיר הָאֹבוֹת וְאֶת־הַיִּדְּעֹנִים מֵהָאָרֶץ׃ וַיִּקָּבְצוּ פְלִשְׁתִּים 4
וַיָּבֹאוּ וַיַּחֲנוּ בְשׁוּנֵם וַיִּקְבֹּץ שָׁאוּל אֶת־כָּל־יִשְׂרָאֵל וַיַּחֲנוּ
בַּגִּלְבֹּעַ׃ וַיַּרְא שָׁאוּל אֶת־מַחֲנֵה פְלִשְׁתִּים וַיִּרָא וַיֶּחֱרַד 5
לִבּוֹ מְאֹד׃ וַיִּשְׁאַל שָׁאוּל בַּיהוָה וְלֹא עָנָהוּ יְהוָה גַּם 6
בַּחֲלֹמוֹת גַּם בָּאוּרִים גַּם בַּנְּבִיאִם׃ וַיֹּאמֶר שָׁאוּל לַעֲבָדָיו 7

איהר אייך ניט היינטע אויסגעשפרייט? אזוי האט דוד געזאגט, אויף דער דרום־זייט פון יהודה, אונד אויף דער דרום־זייט פון ירחמאל, אונד אויף דער דרום־זייט פון קני: 11 אבער דוד האט ניט געלאזט לעבען קיין מאן אונד קיין ווייב, אז ער זאל זייא ברענגען קיין גת, ער האט געטראכט, טאמער וועלען זייא איבער אונס זאגען, אזוי פלעגט דוד צו טהון, אונד אזוי איז געוועזען זיין שטייגער אלע צייט וואס ער האט געוואוינט אין דעם פעלד פון דיא פלשתים: 12 אונד אכיש האט געגלויבט אן דוד, אונד געזאגט, ער האט זיך געווים געמאכט שטינקען אונטער זיין פאלק ישראל, אונד ער וועט צו מיר זיין איין אייביגער קנעכט:

## קאפיטעל כח

1 אונד עס איז געוועזען אין דיזעלביגע טעג, אזוי האבען דיא פלשתים איינ־געזאמעלט זייערע מחנות צו הערשארען אום מלחמה צו האלטען מיט ישראל, אונד אכיש האט געזאגט צו דוד, דוא זאלסט געווים וויסען אז דוא אונד דיינע מענער וועלען מיט מיר (מוזען) ארויסגיין אין דער מחנה: 2 אונד דוד האט געזאגט צו אכיש, דארום וועסט דוא וויסען וואס דיין קנעכט וועט טהון; אונד אכיש האט געזאגט צו דוד, דארום וועל איך דיך מאכען אלס א שומר איבער מיין קאפ אלע טעג: 3 אונד שמואל איז געשטארבען, אונד גאנץ ישראל האט איבער איהם געקלאגט, אונד זייא האבען איהם בעגראבען אין רמה, זיינע שטאט, אונד שאול האט אפגעטהון אלע כישוף מאכערס פון דעם לאנד: 4 אונד דיא פלשתים האבען זיך איינגעזאמעלט אונד זענען געקומען אונד האבען זיך געלאגערט אין שונם, אונד שאול האט איינגעזאמעלט גאנץ ישראל, אונד זייא האבען זיך געלאגערט אין גלבע: 5 אונד ווען שאול האט געזעהען דיא מחנה פון דיא פלשתים אזוי האט ער מורא געהאט אונד זיין הארץ האט זיך זעהר דערשראקען: 6 אונד שאול האט אנגעפרעגט בייא גאט, אבער גאט האט איהם ניט געענטפערט ניט דורך חלומות אויך ניט דורך אורים אונד אויך ניט דורך דיא נביאים: 7 אזוי האט שאול געזאגט צו זיינע קנעכט,

בַּקְּשׁוּ־לִי אֵשֶׁת בַּעֲלַת־אוֹב וְאֵלְכָה אֵלֶיהָ וְאֶדְרְשָׁה־בָּהּ
וַיֹּאמְרוּ עֲבָדָיו אֵלָיו הִנֵּה אֵשֶׁת בַּעֲלַת־אוֹב בְּעֵין דּוֹר:
8 וַיִּתְחַפֵּשׂ שָׁאוּל וַיִּלְבַּשׁ בְּגָדִים אֲחֵרִים וַיֵּלֶךְ הוּא וּשְׁנֵי
אֲנָשִׁים עִמּוֹ וַיָּבֹאוּ אֶל־הָאִשָּׁה לָיְלָה וַיֹּאמֶר קָסֳומִי־נָא לִי
9 בָּאוֹב וְהַעֲלִי לִי אֵת אֲשֶׁר־אֹמַר אֵלָיִךְ: וַתֹּאמֶר הָאִשָּׁה
אֵלָיו הִנֵּה אַתָּה יָדַעְתָּ אֵת אֲשֶׁר־עָשָׂה שָׁאוּל אֲשֶׁר הִכְרִית
אֶת־הָאֹבוֹת וְאֶת־הַיִּדְּעֹנִי מִן־הָאָרֶץ וְלָמָה אַתָּה מִתְנַקֵּשׁ
י בְנַפְשִׁי לַהֲמִיתֵנִי: וַיִּשָּׁבַע לָהּ שָׁאוּל בַּיהוָה לֵאמֹר חַי־
11 יְהוָה אִם־יִקְּרֵךְ עָוֺן בַּדָּבָר הַזֶּה: וַתֹּאמֶר הָאִשָּׁה אֶת־מִי
12 אַעֲלֶה־לָּךְ וַיֹּאמֶר אֶת־שְׁמוּאֵל הַעֲלִי־לִי: וַתֵּרֶא הָאִשָּׁה
אֶת־שְׁמוּאֵל וַתִּזְעַק בְּקוֹל גָּדוֹל וַתֹּאמֶר הָאִשָּׁה אֶל־שָׁאוּל
13 לֵאמֹר לָמָּה רִמִּיתָנִי וְאַתָּה שָׁאוּל: וַיֹּאמֶר לָהּ הַמֶּלֶךְ אַל־
תִּירְאִי כִּי מָה רָאִית וַתֹּאמֶר הָאִשָּׁה אֶל־שָׁאוּל אֱלֹהִים
14 רָאִיתִי עֹלִים מִן־הָאָרֶץ: וַיֹּאמֶר לָהּ מַה־תָּאֳרוֹ וַתֹּאמֶר
אִישׁ זָקֵן עֹלֶה וְהוּא עֹטֶה מְעִיל וַיֵּדַע שָׁאוּל כִּי־שְׁמוּאֵל
טו הוּא וַיִּקֹּד אַפַּיִם אַרְצָה וַיִּשְׁתָּחוּ: וַיֹּאמֶר שְׁמוּאֵל אֶל־
שָׁאוּל לָמָּה הִרְגַּזְתַּנִי לְהַעֲלוֹת אֹתִי וַיֹּאמֶר שָׁאוּל צַר־לִי
מְאֹד וּפְלִשְׁתִּים נִלְחָמִים בִּי וֵאלֹהִים סָר מֵעָלַי וְלֹא־עָנָנִי
עוֹד גַּם בְּיַד־הַנְּבִיאִם גַּם־בַּחֲלֹמוֹת וָאֶקְרָאֶה לְךָ לְהוֹדִיעֵנִי
16 מָה אֶעֱשֶׂה: וַיֹּאמֶר שְׁמוּאֵל וְלָמָּה תִּשְׁאָלֵנִי וַיהוָה סָר
17 מֵעָלֶיךָ וַיְהִי עָרֶךָ: וַיַּעַשׂ יְהוָה לוֹ כַּאֲשֶׁר דִּבֶּר בְּיָדִי
וַיִּקְרַע יְהוָה אֶת־הַמַּמְלָכָה מִיָּדֶךָ וַיִּתְּנָהּ לְרֵעֲךָ לְדָוִד:
18 כַּאֲשֶׁר לֹא־שָׁמַעְתָּ בְּקוֹל יְהוָה וְלֹא־עָשִׂיתָ חֲרוֹן־אַפּוֹ
בַּעֲמָלֵק עַל־כֵּן הַדָּבָר הַזֶּה עָשָׂה־לְךָ יְהוָה הַיּוֹם הַזֶּה:
19 וְיִתֵּן יְהוָה גַּם אֶת־יִשְׂרָאֵל עִמְּךָ בְּיַד־פְּלִשְׁתִּים וּמָחָר אַתָּה
וּבָנֶיךָ עִמִּי גַּם אֶת־מַחֲנֵה יִשְׂרָאֵל יִתֵּן יְהוָה בְּיַד־פְּלִשְׁתִּים:
כ וַיְמַהֵר שָׁאוּל וַיִּפֹּל מְלֹא־קוֹמָתוֹ אַרְצָה וַיִּרָא מְאֹד מִדִּבְרֵי

זוּכְט מִיר אוֹיס אַ מְכַשֵּׁפָה אוּנְד אִיךְ וֶועל צוּ אִיהְר אַהִינְגֶעהְן, אוּנְד אִיךְ וֶועל בַּייא אִיהְר נָאכְפָארְשֶׁען, אוּנְד זֵיינֶע קְנֶעכְט הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, זֶעה, עֶס אִיז אַ מְכַשֵּׁפָה פֶערְהַאנְדֶען אִין עֵין דוֹר: 8 אַזוֹי הָאט זִיךְ שָׁאוּל פֶערְשְׁטֶעלְט אוּנְד הָאט זִיךְ אָנְגֶעטְהוּן אַנְדֶערֶע קְלֵייד־דֶער, אוּנְד עֶר אִיז אַהִינְגֶעגַאנְגֶען אוּנְד צְווייא מֶענֶער מִיט אִיהְם, אוּנְד זֵייא זֶענֶען אָנְגֶעקוּמֶען צוּ דֶעם ווייבּ בַּייא נַאכְט, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, מַאךְ מִיר דָאךְ כִּישׁוּף דוּרְךְ אוֹב, אוּנְד בְּרֶענְג מִיר אַרוֹיף דֶעם וָואס אִיךְ וֶועל דִיר זָאגֶען: 9 אוּנְד דָאס ווייבּ הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, זֶעה, דוּא ווייסְט ווָאוֹיל וָואס שָׁאוּל הָאט גֶעטְהוּן, ווִיא עֶר הָאט פֶערְטִילְגְט דִיא כִּישׁוּף מַאכֶערְס פוּן דֶעם לַאנְד, אוּנְד ווַארוּם מַאכְסְט דוּא אַ שְׁטְרוֹיכֶעל־נֶעץ פַאר מֵיין לֶעבֶּען כְּדֵי מִיךְ צוּ טֵייטֶען? 10 אַזוֹי הָאט שָׁאוּל צוּ אִיהְר גֶעשְׁווָאוֹי־רֶען בַּייא יְהֹוָה אַזוֹי צוּ זָאגֶען, אַזוֹי ווִיא יְהֹוָה לֶעבְּט, אוֹיבּ עֶס וֶועט דִיךְ אַן אוּנְרֶעכְטֶעס טְרֶעפֶען וֶועגֶען דִיזֶער זַאךְ: 11 אוּנְד דָאס ווייבּ הָאט גֶעזָאגְט, וֶועמֶען זָאל אִיךְ דִיר אַרוֹיפְבְּרֶענְגֶען? אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, בְּרֶענְג מִיר אַרוֹיף שְׁמוּאֵל: 12 אוּנְד וֶוען דָאס ווייבּ הָאט גֶעזֶעהֶען שְׁמוּאֵל, אַזוֹי הָאט זִיא גֶעשְׁרִיעֶן מִיט אַ גְרוֹיס קוֹל, אוּנְד דָאס ווייבּ הָאט גֶעזָאגְט צוּ שָׁאוּל, ווַארוּם הָאסְט דוּא מִיךְ גֶענַארְט? דוּא בִּיזְט דָאךְ שָׁאוּל: 13 אוּנְד דֶער קֶענִיג הָאט צוּ אִיהְר גֶעזָאגְט, פָארְכְט דִיךְ נִיט, וָואס הָאסְט דוּא גֶעזֶעהֶען? אוּנְד דָאס ווייבּ הָאט גֶעזָאגְט צוּ שָׁאוּל, אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען גֶעטֶער אַרוֹיפְקוּמֶען פוּן דֶער עֶרְד: 14 אוּנְד עֶר הָאט צוּ אִיהְר גֶעזָאגְט, ווִיא ווַאר זֵיינֶע גֶעשְׁטַאלְט? אוּנְד זִיא הָאט גֶעזָאגְט, אֵיין אַלְטֶער מַאן אִיז אַרוֹיפְגֶעקוּמֶען אוּנְד עֶר אִיז בֶּעדֶעקְט מִיט אַ מַאנְטֶעל, אַזוֹי הָאט שָׁאוּל גֶעווְאוּסְט אַז עֶר אִיז שְׁמוּאֵל, אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ גֶענֵייגְט מִיט זֵיין פָּנִים צוּ דֶער עֶרְד אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ גֶעבִּיקְט: 15 אוּנְד שְׁמוּאֵל הָאט גֶעזָאגְט צוּ שָׁאוּל, ווַארוּם הָאסְט דוּא מִיךְ אוּנְרוּהִיג גֶעמַאכְט, אוּם מִיךְ אַרוֹיפְצוּבְּרֶענְגֶען? אוּנְד שָׁאוּל הָאט גֶעזָאגְט, עֶס אִיז צוּ מִיר זֶעהְר עֶנְג, אוּנְד דִיא פְּלִשְׁתִּים הַאלְטֶען מִלְחָמָה מִיט מִיר, אוּנְד גָאט הָאט זִיךְ פוּן מִיר אָפְּגֶעטְהוּן, אוּנְד ווִיל מִיר נִיט מֶעהְר עֶנְטְפֶערְן, נִיט דוּרְךְ דִיא נְבִיאִים, אוֹיךְ נִיט דוּרְךְ חֲלוֹמוֹת, דָארוּם הָאבּ אִיךְ דִיךְ גֶעלָאזְט רוּפֶען, אַז דוּא זָאלְסְט מִיר לָאזֶען ווִיסֶען וָואס אִיךְ זָאל טְהוּן: 16 אַזוֹי הָאט שְׁמוּאֵל גֶעזָאגְט, ווָארוּם זָאלְסְט דוּא מִיךְ פְרֶעגֶען, וֶוען גָאט הָאט זִיךְ פוּן דִיר אָפְּגֶעטְהוּן, אוּנְד אִיז גֶעווָארֶען דֵיין פֵיינְד? 17 אוּנְד גָאט הָאט פַאר זִיךְ גֶעטְהוּן אַזוֹי ווִיא עֶר הָאט דוּרְךְ מִיר גֶערֶעט, ווָארִין גָאט הָאט אַוֶועקְגֶערִיסֶען דִיא מְלוּכָה פוּן דֵיינֶע הַאנְד, אוּנְד עֶר הָאט זִיא גֶעגֶעבֶּען צוּ דֵיין חָבֵר, צוּ דָוִד: 18 ווייל דוּא הָאסְט נִיט גֶעהָארְכְט צוּ דֶעם קוֹל פוּן יְהֹוָה, אוּנְד הָאסְט נִיט אוֹיסְגֶערִיכְט זֵיין גְרִימְצָארְן אַן עֲמָלֵק, דָארוּם הָאט גָאט דִיזֶע זַאךְ צוּ דִיר גֶעטְהוּן דֶעם הֵיינְטִיגֶען טָאג: 19 אוּנְד גָאט וֶועט אוֹיךְ אִיבֶּערְגֶעבֶּען יִשְׂרָאֵל מִיט דִיר אִין דִיא הַאנְד פוּן דִיא פְּלִשְׁתִּים, אוּנְד מָארְגֶען וֶועסְט דוּא אוּנְד דֵיינֶע קִינְדֶער מִיט מִיר זֵיין, אוֹיךְ דִיא מַחֲנֶה פוּן יִשְׂרָאֵל וֶועט גָאט אִיבֶּערְגֶעבֶּען אִין דִיא הַאנְד פוּן דִיא פְּלִשְׁתִּים: 20 אוּנְד שָׁאוּל הָאט זִיךְ גֶעאֵיילְט, אוּנְד אִיז גֶעפַאלֶען מִיט זֵיינֶע פוּלֶע הֵייךְ צוּ דֶער עֶרְד, אוּנְד עֶר הָאט זֶעהְר מוֹרָא גֶעהַאט וֶועגֶען דִיא ווֶערְטֶער

פון

שְׁמוּאֵל גַּם־כֹּחַ לֹא־הָיָה בוֹ כִּי לֹא אָכַל לֶחֶם כָּל־הַיּוֹם
וְכָל־הַלָּיְלָה׃ וַתָּבוֹא הָאִשָּׁה אֶל־שָׁאוּל וַתֵּרֶא כִּי־נִבְהַל 21
מְאֹד וַתֹּאמֶר אֵלָיו הִנֵּה שָׁמְעָה שִׁפְחָתְךָ בְּקוֹלֶךָ וָאָשִׂים
נַפְשִׁי בְּכַפִּי וָאֶשְׁמַע אֶת־דְּבָרֶיךָ אֲשֶׁר דִּבַּרְתָּ אֵלָי׃ וְעַתָּה 22
שְׁמַע־נָא גַם־אַתָּה בְּקוֹל שִׁפְחָתֶךָ וְאָשִׂמָה לְפָנֶיךָ פַּת־
לֶחֶם וֶאֱכוֹל וִיהִי בְךָ כֹּחַ כִּי תֵלֵךְ בַּדָּרֶךְ׃ וַיְמָאֵן וַיֹּאמֶר 23
לֹא אֹכַל וַיִּפְרְצוּ־בוֹ עֲבָדָיו וְגַם־הָאִשָּׁה וַיִּשְׁמַע לְקֹלָם
וַיָּקָם מֵהָאָרֶץ וַיֵּשֶׁב אֶל־הַמִּטָּה׃ וְלָאִשָּׁה עֵגֶל־מַרְבֵּק 24
בַּבַּיִת וַתְּמַהֵר וַתִּזְבָּחֵהוּ וַתִּקַּח־קֶמַח וַתָּלָשׁ וַתֹּפֵהוּ מַצּוֹת׃
וַתַּגֵּשׁ לִפְנֵי־שָׁאוּל וְלִפְנֵי עֲבָדָיו וַיֹּאכֵלוּ וַיָּקֻמוּ וַיֵּלְכוּ כה
בַּלַּיְלָה הַהוּא׃

## כט

כט

וַיִּקְבְּצוּ פְלִשְׁתִּים אֶת־כָּל־מַחֲנֵיהֶם אֲפֵקָה וְיִשְׂרָאֵל חֹנִים א
בָּעַיִן אֲשֶׁר בְּיִזְרְעֶאל׃ וְסַרְנֵי פְלִשְׁתִּים עֹבְרִים לְמֵאוֹת ב
וְלַאֲלָפִים וְדָוִד וַאֲנָשָׁיו עֹבְרִים בָּאַחֲרֹנָה עִם־אָכִישׁ׃
וַיֹּאמְרוּ שָׂרֵי פְלִשְׁתִּים מָה הָעִבְרִים הָאֵלֶּה וַיֹּאמֶר אָכִישׁ ג
אֶל־שָׂרֵי פְלִשְׁתִּים הֲלוֹא־זֶה דָוִד עֶבֶד ׀ שָׁאוּל מֶלֶךְ־
יִשְׂרָאֵל אֲשֶׁר הָיָה אִתִּי זֶה יָמִים אוֹ־זֶה שָׁנִים וְלֹא־מָצָאתִי
בוֹ מְאוּמָה מִיּוֹם נָפְלוֹ עַד־הַיּוֹם הַזֶּה׃ וַיִּקְצְפוּ עָלָיו ד
שָׂרֵי פְלִשְׁתִּים וַיֹּאמְרוּ לוֹ שָׂרֵי פְלִשְׁתִּים הָשֵׁב אֶת־הָאִישׁ
וְיָשֹׁב אֶל־מְקוֹמוֹ אֲשֶׁר הִפְקַדְתּוֹ שָׁם וְלֹא־יֵרֵד עִמָּנוּ
בַמִּלְחָמָה וְלֹא־יִהְיֶה־לָּנוּ לְשָׂטָן בַּמִּלְחָמָה וּבַמֶּה יִתְרַצֶּה
זֶה אֶל־אֲדֹנָיו הֲלוֹא בְּרָאשֵׁי הָאֲנָשִׁים הָהֵם׃ הֲלוֹא־זֶה ה
דָוִד אֲשֶׁר יַעֲנוּ־לוֹ בַּמְּחֹלוֹת לֵאמֹר הִכָּה שָׁאוּל בַּאֲלָפָיו
וְדָוִד בְּרִבְבֹתָיו׃ וַיִּקְרָא אָכִישׁ אֶל־דָּוִד וַיֹּאמֶר אֵלָיו ו
חַי־יְהוָה כִּי־יָשָׁר אַתָּה וְטוֹב בְּעֵינַי צֵאתְךָ וּבֹאֲךָ אִתִּי
בַּמַּחֲנֶה כִּי לֹא־מָצָאתִי בְךָ רָעָה מִיּוֹם בֹּאֲךָ אֵלַי עַד־

פון שְׁמוּאֵל, אונד עס איז אין איהם קיין
כֹּחַ ניט געוועזען, ווארין ער האט דעם
גאנצען טאג אונד דיא גאנצע נאכט קיין
ברויט געגעסען׃ 21 אונד דאס ווייב איז
געקומען צו שָׁאוּל, ווען זיא האט גע־
זעהען אז ער איז זעהר דערשראקען,
אזוי האט זיא צו איהם געזאגט, זעה,
דיינע דינסטמויד האט געהארכט צו דיין
קול, אונד איך האב איינגעשטעלט מיין
לעבען, אונד איך האב געהארכט צו
דיינע רייד וואס דוא האסט צו מיר
גערעט׃ 22 אונד אצונד הער דוא אויך
צו אין דעם קול פון דיינע דינסט, אונד
לאז א שטיקעל ברויט פאר דיר פארגע־
לייגט ווערען אונד עס, אז עס זאל אין
דיר זיין כֹּחַ, ווען דוא וועסט גיין
אויף דעם וועג׃ 23 אונד ער האט ניט
געוואלט, אונד ער האט געזאגט, איך
וועל ניט עסען, אָבער זיינע קנעכט
האבען איהם געדרונגען, אונד אויך דאס
ווייב. אזוי האט ער צוגעהערט צו זייער
קול, אונד ער איז אויפגעשטאנען פון
דער ערד, אונד ער האט זיך געזעצט
אויף דעם בעט׃ 24 אונד דאס ווייב
האט געהאט א פעט קאלב אין דעם הויז,
אונד זיא האט זיך געאיילט אונד האט עס געשאכטען, אונד זיא האט גענומען מעהל
אונד האט עס געקנעטען אונד געבאקט מַצּוֹת׃ 25 אונד זיא האט עס גענעהנט
פאר שָׁאוּל אונד פאר זיינע קנעכט, אונד זייא האבען געגעסען, אונד זייא זענען
אויפגעשטאנען אונד זייא זענען אוועקגעגאנגען אין דיזעלביגע נאכט׃

## קאפיטעל כט

1 אונד דיא פְּלִשְׁתִּים האבען איינגעזאמעלט אלע זייערע מַחֲנוֹת קיין אֲפֵק, אונד יִשְׂרָאֵל האט זיך געלאגערט אין עַין וואס איז אין יִזְרְעֶאל׃ 2 אונד דיא אויבערשטע פון דיא פְּלִשְׁתִּים זענען אריבערגעגאנגען צו הונדערטע אונד צו טויזענדע; אונד דָוִד אונד זיינע מענער זענען צולעצט אריבערגעגאנגען מיט אָכִישׁ׃ 3 אונד דיא אויבערשטע פון דיא פְּלִשְׁתִּים האבען געזאגט, וואס טהוען דיא דאזיגע עִבְרִים דא? אונד אָכִישׁ האט געזאגט צו דיא אויבערשטע פון דיא פְּלִשְׁתִּים, איז ניט דער דאזיגער דָוִד א קנעכט פון שָׁאוּל מֶלֶךְ פון יִשְׂרָאֵל, וואס איז מיט מיר געוועזען דיא דאזיגע טעג אָדער יאהרען, אונד איך האב אין איהם ניט קיין פעהלער געפונען פון דעם טאג אן זייט דעם ער איז צו מיר צוגעפאלען ביז צו דעם היינטיגען טאג? 4 אָבער דיא אויבערשטע פון דיא פְּלִשְׁתִּים האבען איבער איהם געצארנט, אונד דיא אויבערשטע פון דיא פְּלִשְׁתִּים האבען צו איהם געזאגט, לאז דער מאן צוריקקעהרען, אז ער זאל צוריקגיין צו זיין אָרט וואס דוא האסט איהם דארט אנגעשטעלט, אונד ער זאל ניט מיט אונס אראפגיין צו דער מִלְחָמָה, אז ער זאל צו אונס ניט זיין אלס א שָׂטָן אין דער מִלְחָמָה; אונד מיט וואס וועט זיך דער דאזיגער מְרַצֶּה זיין צו זיין האר? איז עס ניט מיט דיא קעפ פון דיא דאזיגע מענער? 5 איז ניט דאס דער דָוִד, פון וועמען מען האט גע־זונגען מיט טאנצען אונד געזאגט, שָׁאוּל האט געשלאגען זיינע טויזענדע, אָבער דָוִד זיינע צעהן טויזענדע? 6 אונד אָכִישׁ האט גערופען דָוִד אונד ער האט צו איהם געזאגט, אזוי וויא גאט לעבט, אז דוא ביסט רעכטפערטיג, אונד דיין ארויסגיין אונד אריינקומען מיט מיר אין דער מַחֲנֶה איז גוט אין מיינע אויגען, ווארין איך האב אין דיר קיין שלעכטעס ניט געפונען, פון דעם טאג אן ווען דוא ביזט צו מיר געקומען ביז צו דעם היינטיגען

טאג

7 הַיּוֹם הַזֶּה וּבְעֵינֵי הַסְּרָנִים לֹא־טוֹב אָתָּה׃ וְעַתָּה שׁוּב וְלֵךְ
8 בְּשָׁלוֹם וְלֹא־תַעֲשֶׂה רָע בְּעֵינֵי סַרְנֵי פְלִשְׁתִּים׃ וַיֹּאמֶר
דָּוִד אֶל־אָכִישׁ כִּי מֶה עָשִׂיתִי וּמַה־מָּצָאתָ בְעַבְדְּךָ מִיּוֹם
אֲשֶׁר הָיִיתִי לְפָנֶיךָ עַד הַיּוֹם הַזֶּה כִּי לֹא אָבוֹא וְנִלְחַמְתִּי
9 בְּאֹיְבֵי אֲדֹנִי הַמֶּלֶךְ׃ וַיַּעַן אָכִישׁ וַיֹּאמֶר אֶל־דָּוִד יָדַעְתִּי כִּי
טוֹב אַתָּה בְּעֵינַי כְּמַלְאַךְ אֱלֹהִים אַךְ שָׂרֵי פְלִשְׁתִּים
י אָמְרוּ לֹא־יַעֲלֶה עִמָּנוּ בַּמִּלְחָמָה׃ וְעַתָּה הַשְׁכֵּם בַּבֹּקֶר
וְעַבְדֵי אֲדֹנֶיךָ אֲשֶׁר־בָּאוּ אִתָּךְ וְהִשְׁכַּמְתֶּם בַּבֹּקֶר וְאוֹר לָכֶם
11 וָלֵכוּ׃ וַיַּשְׁכֵּם דָּוִד הוּא וַאֲנָשָׁיו לָלֶכֶת בַּבֹּקֶר לָשׁוּב אֶל־
אֶרֶץ פְּלִשְׁתִּים וּפְלִשְׁתִּים עָלוּ יִזְרְעֶאל׃

## ל

ל

א וַיְהִי בְּבֹא דָוִד וַאֲנָשָׁיו צִקְלַג בַּיּוֹם הַשְּׁלִישִׁי וַעֲמָלֵקִי
פָּשְׁטוּ אֶל־נֶגֶב וְאֶל־צִקְלַג וַיַּכּוּ אֶת־צִקְלַג וַיִּשְׂרְפוּ אֹתָהּ
2 בָּאֵשׁ׃ וַיִּשְׁבּוּ אֶת־הַנָּשִׁים אֲשֶׁר־בָּהּ מִקָּטֹן וְעַד־גָּדוֹל לֹא
3 הֵמִיתוּ אִישׁ וַיִּנְהֲגוּ וַיֵּלְכוּ לְדַרְכָּם׃ וַיָּבֹא דָוִד וַאֲנָשָׁיו אֶל־
הָעִיר וְהִנֵּה שְׂרוּפָה בָּאֵשׁ וּנְשֵׁיהֶם וּבְנֵיהֶם וּבְנֹתֵיהֶם
4 נִשְׁבּוּ׃ וַיִּשָּׂא דָוִד וְהָעָם אֲשֶׁר־אִתּוֹ אֶת־קוֹלָם וַיִּבְכּוּ עַד
ה אֲשֶׁר אֵין־בָּהֶם כֹּחַ לִבְכּוֹת׃ וּשְׁתֵּי נְשֵׁי־דָוִד נִשְׁבּוּ אֲחִינֹעַם
6 הַיִּזְרְעֵלִית וַאֲבִיגַיִל אֵשֶׁת נָבָל הַכַּרְמְלִי׃ וַתֵּצֶר לְדָוִד
מְאֹד כִּי־אָמְרוּ הָעָם לְסָקְלוֹ כִּי־מָרָה נֶפֶשׁ כָּל־הָעָם אִישׁ
עַל־בְּנָו וְעַל־בְּנֹתָיו וַיִּתְחַזֵּק דָּוִד בַּיהוָה אֱלֹהָיו׃
7 וַיֹּאמֶר דָּוִד אֶל־אֶבְיָתָר הַכֹּהֵן בֶּן־אֲחִימֶלֶךְ הַגִּישָׁה־נָּא
8 לִי הָאֵפֹד וַיַּגֵּשׁ אֶבְיָתָר אֶת־הָאֵפֹד אֶל־דָּוִד׃ וַיִּשְׁאַל
דָּוִד בַּיהוָה לֵאמֹר אֶרְדֹּף אַחֲרֵי הַגְּדוּד־הַזֶּה הַאַשִּׂגֶנּוּ
9 וַיֹּאמֶר לוֹ רְדֹף כִּי־הַשֵּׂג תַּשִּׂיג וְהַצֵּל תַּצִּיל׃ וַיֵּלֶךְ דָּוִד
הוּא וְשֵׁשׁ־מֵאוֹת אִישׁ אֲשֶׁר אִתּוֹ וַיָּבֹאוּ עַד־נַחַל הַבְּשׂוֹר
י וְהַנּוֹתָרִים עָמָדוּ׃ וַיִּרְדֹּף דָּוִד הוּא וְאַרְבַּע־מֵאוֹת אִישׁ

טָאג, אָבֶּער אִין דִיא אוֹיגֶען פוּן דִיא אוֹיבֶּערְשְׁטֶע בִּיזְט דוּא נִיט גוּט׃ 7 אוּנְד אַצוּנְד קֶעהְר צוּרִיק אוּנְד גֵייא בְּשָׁלוֹם, אַז דוּא זָאלְסְט קֵיין שְׁלֶעכְטֶעס נִיט טְהוּן אִין דִיא אוֹיגֶען פוּן דִיא אוֹיבֶּערְשְׁטֶע פוּן דִיא פְּלִשְׁתִּים׃ 8 אוּנְד דָּוִד הָאט גֶעזָאגְט צוּ אָכִישׁ, וָואס הָאבּ אִיךְ דֶען גֶעטְהוּן? אוּנְד וָואס הָאסְט דוּא גֶעפִינֶען אִין דֵיין קְנֶעכְט פוּן דֶעם טָאג אָן וָואס אִיךְ בִּין פָאר דִיר גֶעוֶועזֶען בִּיז צוּ דֶעם הֵיינְטִיגֶען טָאג, דָאס אִיךְ זָאל נִיט קוּמֶען אוּנְד מִלְחָמָה הַאלְטֶען מִיט דִיא פֵיינְד פוּן מֵיין הַאר דֶעם קֶענִיג׃ 9 אוּנְד אָכִישׁ הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד גֶעזָאגְט צוּ דָּוִד, אִיךְ וֵויים אַז דוּא בִּיסְט גוּט אִין מֵיינֶע אוֹיגֶען אַזוֹי וִויא אַ מַלְאַךְ פוּן גָאט, אָבֶּער דִיא אוֹיבֶּערְשְׁטֶע פוּן דִיא פְּלִשְׁתִּים זָאגֶען, עֶר זָאל נִיט מִיט אוּנְס אַרוֹיפְגֵיין אִין דֶער מִלְחָמָה׃ 10 אוּנְד אַצוּנְד, שְׁטֵייא פְרִיה אוֹיף אוּנְד דִיא קְנֶעכְט פוּן דֵיין הַאר וָואס זֶענֶען מִיט דִיר גֶעקוּמֶען, אוּנְד וֶוען אִיהְר וֶועט אִין דֶער פְרִיה אוֹיפְשְׁטֵיין, אוּנְד עֶס אִיז צוּ אֵייךְ לִיכְטִיג, אַזוֹי גֵייט אַוֶועק׃ 11 אַזוֹי אִיז דָּוִד אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען, עֶר אוּנְד זֵיינֶע מֶענֶער אִין דֶער פְרִיה אַוֶועקְצוּגֵיין, אוּנְד צוּרִיקְצוּקֶעהְרֶען צוּ דֶעם לַאנְד פוּן דִיא פְּלִשְׁתִּים, אוּנְד דִיא פְּלִשְׁתִּים זֶענֶען אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען קֵיין יִזְרְעֶאל׃

## קאפיטעל ל

1 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען וֶוען דָּוִד אוּנְד זֵיינֶע מֶענֶער זֶענֶען גֶעקוּמֶען קֵיין צִקְלַג אַן דֶעם דְרִיטֶען טָאג, אוּנְד דִיא עֲמָלֵקִים הָאבֶּען זִיךְ אוֹיסְגֶעשְׁפְּרֵייט צוּ דֶער דָרוֹם־זֵייט אוּנְד צוּ צִקְלַג, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעשְׁלָאגֶען צִקְלַג אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זִיא פֶערְבְּרֶענְט מִיט פֵייעֶר׃ 2 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעפַאנְגֶען גֶענוּמֶען דִיא וֵוייבֶּער וָואס זֶענֶען דַארִין גֶעוֶועזֶען, פוּן קְלֵיין בִּיז גְרוֹיס, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען קֵיין מַאן נִיט גֶעטֵייט, נֵייעֶרְט זֵייא הָאבֶּען זֵייא אַוֶועקְגֶעפִיהְרְט, אוּנְד זֵייא זֶענֶען גֶעגַאנְגֶען אוֹיף זֵייעֶר וֶועג׃ 3 אוּנְד וֶוען דָּוִד אוּנְד זֵיינֶע מֶענֶער זֶענֶען אָנְגֶעקוּמֶען צוּ דֶער שְׁטָאט, אוּנְד זֶעה, זִיא אִיז פֶערְבְּרֶענְט מִיט פֵייעֶר, אוּנְד זֵייעֶרֶע וֵוייבֶּער אוּנְד זֵייעֶרֶע זִיהְן אוּנְד טֶעכְטֶער זֶענֶען גֶעפַאנְגֶען גֶעוָוארֶען׃ 4 אַזוֹי הָאט דָּוִד אוּנְד דָאס פָאלְק וָואס אִיז מִיט אִיהְם גֶעוֶועזֶען אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען זֵייעֶר קוֹל אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעוֵויינְט, בִּיז עֶס אִיז אִין זֵייא נִיט מֶעהְר גֶעוֶועזֶען קֵיין כֹּחַ צוּ וֵויינֶען׃ 5 אוּנְד דִיא צְוֵוייא וֵוייבֶּער פוּן דָּוִד, אֲחִינֹעַם דִיא יִזְרְעֶאלִית, אוּנְד אֲבִיגַיִל דָאס וֵוייבּ פוּן נָבָל אוֹיס כַּרְמֶל זֶענֶען אוֹיךְ גֶעפַאנְגֶען גֶעוָוארֶען׃ 6 אוּנְד עֶס אִיז צוּ דָּוִד זֶעהְר עֶנְג גֶעוֶועזֶען, וָוארִין דָאס פָאלְק הָאט גֶעזָאגְט אַז מֶען זָאל אִיהְם שְׁטֵיינִיגֶען, וָוארִין דָאס לֶעבֶּען פוּן דֶעם גַאנְצֶען פָאלְק אִיז פֶערְבִּיטֶערְט גֶעוֶועזֶען, אִיטְלִיכֶער וֶועגֶען זֵיינֶע זִיהְן אוּנְד וֶועגֶען זֵיינֶע טֶעכְטֶער, אָבֶּער דָּוִד הָאט זִיךְ גֶעשְׁטַארְקְט אִין יְהֹוָה זֵיין גָאט׃ 7 אוּנְד דָּוִד הָאט גֶעזָאגְט צוּ אֶבְיָתָר הַכֹּהֵן זוּהְן פוּן אֲחִימֶלֶךְ, אִיךְ בֶּעט דִיךְ גֶענֶעהְן מִיר דֶעם אֵפוֹד, אַזוֹי הָאט אֶבְיָתָר גֶענֶעהְנְט דֶעם אֵפוֹד צוּ דָּוִד׃ 8 אוּנְד דָּוִד הָאט אָנְגֶעפְרֶעגְט בֵּייא גָאט אַזוֹי צוּ זָאגֶען, זָאל אִיךְ נָאכְיָאגֶען דָאס חַיִל? וֶועל אִיךְ זֵייא דֶערְגְרֵייכֶען? אוּנְד עֶר (גָאט) הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט יָאג, וָוארִין דוּא וֶועסְט זֵייא גֶעוִויס דֶערְגְרֵייכֶען אוּנְד דוּא וֶועסְט זֵייא גֶעוִויס מַצִּיל זֵיין׃ 9 אַזוֹי אִיז דָּוִד אַהִינְגֶעגַאנְגֶען, עֶר אוּנְד דִיא זֶעקְס הוּנְדֶערְט מַאן מִיט אִיהְם אוּנְד זֵייא זֶענֶען גֶעקוּמֶען בִּיז צוּ דֶעם טֵייךְ בְּשׂוֹר, אוּנְד דִיא אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּענֶע זֶענֶען שְׁטֵיין גֶעבְּלִיבֶּען׃ 10 אוּנְד דָּוִד הָאט זֵייא נָאכְגֶעיָאגְט, עֶר אוּנְד דִיא פִיעֶר הוּנְדֶערְט מַאן,

אוּנְד

38 לְהָמִית אֶת־אַבְנֵר בֶּן־נֵר׃ וַיֹּאמֶר הַמֶּלֶךְ אֶל־
עֲבָדָיו הֲלוֹא תֵדְעוּ כִּי־שַׂר וְגָדוֹל נָפַל הַיּוֹם הַזֶּה
39 בְּיִשְׂרָאֵל׃ וְאָנֹכִי הַיּוֹם רַךְ וּמָשׁוּחַ מֶלֶךְ וְהָאֲנָשִׁים
הָאֵלֶּה בְּנֵי צְרוּיָה קָשִׁים מִמֶּנִּי יְשַׁלֵּם יְהוָה לְעֹשֵׂה
הָרָעָה כְּרָעָתוֹ׃

ד

א וַיִּשְׁמַע בֶּן־שָׁאוּל כִּי מֵת אַבְנֵר בְּחֶבְרוֹן וַיִּרְפּוּ יָדָיו וְכָל־
2 יִשְׂרָאֵל נִבְהָלוּ׃ וּשְׁנֵי אֲנָשִׁים שָׂרֵי־גְדוּדִים הָיוּ בֶן־שָׁאוּל
שֵׁם הָאֶחָד בַּעֲנָה וְשֵׁם הַשֵּׁנִי רֵכָב בְּנֵי רִמּוֹן הַבְּאֵרֹתִי
3 מִבְּנֵי בִנְיָמִן כִּי גַּם־בְּאֵרוֹת תֵּחָשֵׁב עַל־בִּנְיָמִן׃ וַיִּבְרְחוּ
הַבְּאֵרֹתִים גִּתָּיְמָה וַיִּהְיוּ־שָׁם גָּרִים עַד הַיּוֹם הַזֶּה׃
4 וְלִיהוֹנָתָן בֶּן־שָׁאוּל בֵּן נְכֵה רַגְלָיִם בֶּן־חָמֵשׁ שָׁנִים הָיָה
בְּבֹא שְׁמֻעַת שָׁאוּל וִיהוֹנָתָן מִיִּזְרְעֶאל וַתִּשָּׂאֵהוּ אֹמַנְתּוֹ
וַתָּנֹס וַיְהִי בְּחָפְזָהּ לָנוּס וַיִּפֹּל וַיִּפָּסֵחַ וּשְׁמוֹ מְפִיבֹשֶׁת׃
ה וַיֵּלְכוּ בְּנֵי־רִמּוֹן הַבְּאֵרֹתִי רֵכָב וּבַעֲנָה וַיָּבֹאוּ כְּחֹם הַיּוֹם
אֶל־בֵּית אִישׁ בֹּשֶׁת וְהוּא שֹׁכֵב אֵת מִשְׁכַּב הַצָּהֳרָיִם׃
6 וְהֵנָּה בָּאוּ עַד־תּוֹךְ הַבַּיִת לֹקְחֵי חִטִּים וַיַּכֻּהוּ אֶל־הַחֹמֶשׁ
7 וְרֵכָב וּבַעֲנָה אָחִיו נִמְלָטוּ׃ וַיָּבֹאוּ הַבַּיִת וְהוּא־שֹׁכֵב עַל־
מִטָּתוֹ בַּחֲדַר מִשְׁכָּבוֹ וַיַּכֻּהוּ וַיְמִתֻהוּ וַיָּסִירוּ אֶת־רֹאשׁוֹ
8 וַיִּקְחוּ אֶת־רֹאשׁוֹ וַיֵּלְכוּ דֶּרֶךְ הָעֲרָבָה כָּל־הַלָּיְלָה׃ וַיָּבִאוּ
אֶת־רֹאשׁ אִישׁ־בֹּשֶׁת אֶל־דָּוִד חֶבְרוֹן וַיֹּאמְרוּ אֶל־הַמֶּלֶךְ
הִנֵּה־רֹאשׁ אִישׁ־בֹּשֶׁת בֶּן־שָׁאוּל אֹיִבְךָ אֲשֶׁר בִּקֵּשׁ אֶת־
נַפְשֶׁךָ וַיִּתֵּן יְהוָה לַאדֹנִי הַמֶּלֶךְ נְקָמוֹת הַיּוֹם הַזֶּה מִשָּׁאוּל
9 וּמִזַּרְעוֹ׃ וַיַּעַן דָּוִד אֶת־רֵכָב ׀ וְאֶת־בַּעֲנָה אָחִיו בְּנֵי רִמּוֹן
הַבְּאֵרֹתִי וַיֹּאמֶר לָהֶם חַי־יְהוָה אֲשֶׁר־פָּדָה אֶת־נַפְשִׁי מִכָּל־
י צָרָה׃ כִּי הַמַּגִּיד לִי לֵאמֹר הִנֵּה־מֵת שָׁאוּל וְהוּא־הָיָה
כִמְבַשֵּׂר בְּעֵינָיו וָאֹחֲזָה בוֹ וָאֶהְרְגֵהוּ בְצִקְלָג אֲשֶׁר לְתִתִּי־
11 לוֹ בְּשֹׂרָה׃ אַף כִּי־אֲנָשִׁים רְשָׁעִים הָרְגוּ אֶת־אִישׁ־צַדִּיק

צוּ טֵייטֶען אַבְנֵר זוּהְן פוּן נֵר׃ 38 אוּנְד דֶער מֶלֶךְ הָאט גֶעזָאגְט צוּ זֵיינֶע קְנֶעכְט, ווייסְט אִיהְר נִיט אַז אַ גְרוֹיסֶער פִירְשְׁט אִיז אַן דֶעם דָאזִיגֶען טָאג גֶעפַאלֶען אִין יִשְׂרָאֵל? 39 אָבֶּער אִיךְ בִּין הֵיינְט יוּנְג אוּנְד בִּין (עֶרְשְׁט) גֶעזַאלְבְּט גֶעוָוארֶען אַלְס מֶלֶךְ, אוּנְד דִיא דָאזִיגֶע מֶענֶער, דִיא זִיהְן פוּן צְרוּיָה, זֶענֶען צוּ הַארְט פַאר מִיר, גָאט וֶועט בֶּעצָאלֶען דֶעם וָואס טְהוּט שְׁלֶעכְטֶעס נָאךְ זֵיינֶע שְׁלֶעכְטִיגְקֵייט׃

קאפיטעל ד

1 אוּנְד וֶוען שָׁאוּל׳ס זוּהְן הָאט גֶעהֶערְט אַז אַבְנֵר אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען אִין חֶבְרוֹן, אַזוֹי זֶענֶען זֵיינֶע הֶענְד שְׁוַואךְ גֶעוָוארֶען, אוּנְד גַאנְץ יִשְׂרָאֵל זֶענֶען דֶערשְׁרָאקֶען גֶעוָוארֶען׃ 2 אוּנְד שָׁאוּל׳ס זוּהְן הָאט גֶעהַאט צְווֵייא מֶענֶער אַלְס אוֹיבֶּערְשְׁטֶע אִיבֶּער דִיא חֲיָלוֹת, אֵיינֶער הָאט גֶעהֵייסֶען בַּעֲנָה אוּנְד דֶער צְוֵוייטֶער הָאט גֶעהֵייסֶען רֵכָב, דִיא זִיהְן פוּן רִמּוֹן אוֹיס בְּאֵרוֹת, פוּן דִיא קִינְדֶער בִּנְיָמִן, וָוארִין בְּאֵרוֹת אִיז אוֹיךְ צוּגֶערֶעכֶענְט גֶעוֶועזֶען צוּ בִּנְיָמִן׃ 3 אוּנְד דִיא לֵייט פוּן בְּאֵרוֹת זֶענֶען אַנְטְלָאפֶען קֵיין גִתַּיִם, אוּנְד זֵייא זֶענֶען דָארְטֶען גֶעוֶועזֶען גֵרִים בִּיז צוּ דֶעם הֵיינְטִיגֶען טָאג׃ 4 אוּנְד יְהוֹנָתָן זוּהְן פוּן שָׁאוּל הָאט גֶעהַאט אַ זוּהְן וָואס אִיז גֶעוֶועזֶען לָאהְם אוֹיף דִיא פִיס, עֶר אִיז אַלְט גֶעוֶועזֶען פִינְף יָאהְר וֶוען דִיא בְּשׂוּרָה אִיז אָנְגֶעקוּמֶען וֶועגֶען שָׁאוּל אוּנְד יְהוֹנָתָן אוֹיס יִזְרְעֶאל, אוּנְד זֵיינֶע אַמֶע הָאט אִיהְם אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען אוּנְד אִיז (מִיט אִיהְם) אַוֶועקְגֶעלָאפֶען, אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אַז וֶוען זִיא הָאט זִיךְ גֶעאֵיילְט מִיט אִיהְם אַוֶועקְצוּלוֹיפֶען אַזוֹי אִיז עֶר גֶעפַאלֶען, אוּנְד עֶר אִיז לָאהְם גֶעוָוארֶען, אוּנְד זֵיין נָאמֶען וַואר מְפִיבֹשֶׁת׃ 5 אוּנְד דִיא זִיהְן פוּן רִמּוֹן אוֹיס בְּאֵרוֹת, רֵכָב אוּנְד בַּעֲנָה, זֶענֶען גֶעגַאנְגֶען אוּנְד אָנְגֶעקוּמֶען צוּ דֶעם הוֹיז פוּן אִישׁ־בֹּשֶׁת וֶוען דֶער טָאג אִיז הֵייס גֶעוֶועזֶען, אוּנְד עֶר אִיז גֶעלֶעגֶען אוֹיף אַ בֶּעט אִין מִיטֶען טָאג׃ 6 אוּנְד זֵייא זֶענֶען אַרֵיינְגֶעקוּמֶען אִין דֶער מִיטֶע פוּן דֶעם הוֹיז, אַלְס דִיא וָואס וָואלְטֶען ווייץ קוֹיפֶען, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אִיהְם גֶעשְׁלָאגֶען אוּנְטֶער דֶער פִינְפְטֶע רִיפּ, אוּנְד רֵכָב אוּנְד זֵיין בְּרוּדֶער בַּעֲנָה זֶענֶען אַנְטְרוּנֶען׃ 7 וָוארִין וֶוען זֵייא זֶענֶען אַרֵיינְגֶעקוּמֶען אִין דֶעם הוֹיז אוּנְד עֶר אִיז גֶעלֶעגֶען אוֹיף זֵיין בֶּעט אִין זֵיין חֶדֶר, אַזוֹי הָאבֶּען זֵייא אִיהְם גֶעשְׁלָאגֶען אוּנְד גֶעטֵייטֶעט, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אִיהְם אָפְּגֶעטְהוּן זֵיין קָאפּ, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶענוּמֶען זֵיין קָאפּ, אוּנְד זֵייא זֶענֶען גֶעגַאנְגֶען אוֹיף דֶעם וֶועג פוּן דֶעם פְּלוֹין דִיא גַאנְצֶע נַאכְט׃ 8 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעבְּרַאכְט דֶעם קָאפּ פוּן אִישׁ־בֹּשֶׁת צוּ דָוִד קֵיין חֶבְרוֹן, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט צוּ דֶעם מֶלֶךְ, זֶעה דֶעם קָאפּ פוּן אִישׁ־בֹּשֶׁת שָׁאוּל׳ס זוּהְן דֵיין פֵיינְד, וָואס הָאט גֶעזוּכְט דֵיין לֶעבֶּען; אוּנְד יְהוָֹה הָאט זִיךְ הֵיינְט פַאר מֵיין הַאר דֶעם קֶענִיג נוֹקֵם גֶעוֶועזֶען אַן שָׁאוּל אוּנְד אַן זֵיינֶע קִינְדֶער׃ 9 אוּנְד דָוִד הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט דֶעם רֵכָב אוּנְד דֶעם בַּעֲנָה זֵיין בְּרוּדֶער, דִיא זִיהְן פוּן רִמּוֹן אוֹיס בְּאֵרוֹת, אוּנְד עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, אַזוֹי ווִיא גָאט לֶעבְּט וָואס הָאט מֵיין לֶעבֶּען אוֹיסְגֶעלֵייזְט פוּן אַלֶע צָרוֹת׃ 10 דָאס וֶוען דֶער וָואס הָאט מִיר אָנְגֶעזָאגְט, זֶעה שָׁאוּל אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען, אוּנְד עֶר הָאט גֶעמֵיינְט אַז עֶר זָאגְט מִיר אַ גוּטֶע בְּשׂוּרָה, אוּנְד אִיךְ הָאבּ אִיהְם אָנְגֶענוּמֶען אוּנְד גֶעהַרְגֶ׳ת אִין צִקְלָג, אַנְשְׁטַאט אִיהְם צוּ גֶעבֶּען בְּשׂוּרָה גֶעלְד׃ 11 מִכָּל שֶׁכֵּן דִיזֶע רְשָׁעִים וָואס הָאבֶּען גֶעהַרְגֶ׳ת דֶעם גֶערֶעכְטֶען מַאן

בְּבֵיתוֹ עַל־מִשְׁכָּבוֹ וְעַתָּה הֲלוֹא אֲבַקֵּשׁ אֶת־דָּמוֹ מִיֶּדְכֶם
12 וּבִעַרְתִּי אֶתְכֶם מִן־הָאָרֶץ׃ וַיְצַו דָּוִד אֶת־הַנְּעָרִים וַיַּהַרְגוּם
וַיְקַצְּצוּ אֶת־יְדֵיהֶם וְאֶת־רַגְלֵיהֶם וַיִּתְלוּ עַל־הַבְּרֵכָה
בְּחֶבְרוֹן וְאֵת רֹאשׁ אִישׁ־בֹּשֶׁת לָקָחוּ וַיִּקְבְּרוּ בְקֶבֶר־
אַבְנֵר בְּחֶבְרוֹן׃

## ה

א וַיָּבֹאוּ כָּל־שִׁבְטֵי יִשְׂרָאֵל אֶל־דָּוִד חֶבְרוֹנָה וַיֹּאמְרוּ לֵאמֹר
2 הִנְנוּ עַצְמְךָ וּבְשָׂרְךָ אֲנָחְנוּ׃ גַּם־אֶתְמוֹל גַּם־שִׁלְשׁוֹם
בִּהְיוֹת שָׁאוּל מֶלֶךְ עָלֵינוּ אַתָּה הָיִיתָה מוֹצִיא וְהַמֵּבִי
אֶת־יִשְׂרָאֵל וַיֹּאמֶר יְהוָה לְךָ אַתָּה תִרְעֶה
אֶת־עַמִּי אֶת־יִשְׂרָאֵל וְאַתָּה תִּהְיֶה לְנָגִיד עַל־יִשְׂרָאֵל׃
3 וַיָּבֹאוּ כָּל־זִקְנֵי יִשְׂרָאֵל אֶל־הַמֶּלֶךְ חֶבְרוֹנָה וַיִּכְרֹת לָהֶם
הַמֶּלֶךְ דָּוִד בְּרִית בְּחֶבְרוֹן לִפְנֵי יְהוָה וַיִּמְשְׁחוּ אֶת־דָּוִד
4 לְמֶלֶךְ עַל־יִשְׂרָאֵל׃ בֶּן־שְׁלֹשִׁים שָׁנָה דָּוִד בְּמָלְכוֹ
ה אַרְבָּעִים שָׁנָה מָלָךְ׃ בְּחֶבְרוֹן מָלַךְ עַל־יְהוּדָה שֶׁבַע שָׁנִים
וְשִׁשָּׁה חֳדָשִׁים וּבִירוּשָׁלַם מָלַךְ שְׁלֹשִׁים וְשָׁלֹשׁ שָׁנָה עַל
6 כָּל־יִשְׂרָאֵל וִיהוּדָה׃ וַיֵּלֶךְ הַמֶּלֶךְ וַאֲנָשָׁיו יְרוּשָׁלַם אֶל־
הַיְבֻסִי יוֹשֵׁב הָאָרֶץ וַיֹּאמֶר לְדָוִד לֵאמֹר לֹא־תָבוֹא הֵנָּה
כִּי אִם־הֱסִירְךָ הַעִוְרִים וְהַפִּסְחִים לֵאמֹר לֹא־יָבוֹא דָוִד
7 8 הֵנָּה׃ וַיִּלְכֹּד דָּוִד אֵת מְצֻדַת צִיּוֹן הִיא עִיר דָּוִד׃ וַיֹּאמֶר
דָּוִד בַּיּוֹם הַהוּא כָּל־מַכֵּה יְבֻסִי וְיִגַּע בַּצִּנּוֹר וְאֶת־
הַפִּסְחִים וְאֶת־הַעִוְרִים שְׂנֻאֵו נֶפֶשׁ דָּוִד עַל־כֵּן יֹאמְרוּ
9 עִוֵּר וּפִסֵּחַ לֹא יָבוֹא אֶל־הַבָּיִת׃ וַיֵּשֶׁב דָּוִד בַּמְּצֻדָה
וַיִּקְרָא־לָהּ עִיר דָּוִד וַיִּבֶן דָּוִד סָבִיב מִן־הַמִּלּוֹא וָבָיְתָה׃
י וַיֵּלֶךְ דָּוִד הָלוֹךְ וְגָדוֹל וַיהוָה אֱלֹהֵי צְבָאוֹת עִמּוֹ׃
11 וַיִּשְׁלַח חִירָם מֶלֶךְ־צֹר מַלְאָכִים אֶל־דָּוִד וַעֲצֵי אֲרָזִים
12 וְחָרָשֵׁי עֵץ וְחָרָשֵׁי אֶבֶן קִיר וַיִּבְנוּ־בַיִת לְדָוִד׃ וַיֵּדַע דָּוִד

אִין זַיין הױז אױף זַיין גֶעלֶעגֶער, אוּנְד אַצוּנְד זָאל אִיךְ נִיט זַיין בְּלוּט פֶערלַאנְגֶען פוּן אֵיירֶע הֶענְד, אוּנְד אֵייךְ אױסְרױמֶען פוּן דֶעם לַאנְד? 12 אוּנְד דָוִד הָאט גֶעבָּאטֶען זַיינֶע יוּנְגֶען אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זֵייא גֶעהַרְגֶ'ט, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אָפְּגֶעשְׁנִיטֶען זֵיירֶע הֶענְד אוּנְד זֵיירֶע פִיס, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זֵייא אױפְגֶעהָאנְגֶען בֵּייא דֶעם טֵייךְ אִין חֶבְרוֹן, אָבֶּער דֶעם קָאפּ פוּן אִישׁ־בֹּשֶׁת הָאבֶּען זֵייא גֶענוּמֶען אוּנְד הָאבֶּען אִיהְם בֶּעגְרָאבֶּען אִין דֶעם קֶבֶר פוּן אַבְנֵר אִין חֶבְרוֹן:

## קאפיטעל ה

1 אוּנְד אַלֶע שְׁבָטִים פוּן יִשְׂרָאֵל זֶענֶען גֶעקוּמֶען צוּ דָוִד קֵיין חֶבְרוֹן, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט, אַזױ צוּ זָאגֶען, זֶעה, מִיר זֶענֶען דֵיין בֵּיין אוּנְד דֵיין פְלֵייש: 2 שׁוֹין פוּן פְרִיהֶערֶע צֵייטֶען הֶער װען שָׁאוּל אִיז נָאךְ גֶעװעזֶען מֶלֶךְ אִיבֶּער אוּנְס בִּיזְט דוּא גֶעװעזֶען דֶער אַרױסְגֵייעֶר אוּנְד אַרֵיינְבְּרֶענְגֶער פוּן יִשְׂרָאֵל!— אוּנְד גָאט הָאט צוּ דִיר גֶעזָאגְט, אַז דוּא זָאלְסְט זַיין אַ פַּאסְטוּךְ צוּ מֵיין פָאלְק יִשְׂרָאֵל, אוּנְד דוּא זָאלְסְט זַיין אַ פִירְשְׁט אִיבֶּער יִשְׂרָאֵל: 3 אַזױ זֶענֶען אַלֶע עֶלְצְטֶע פוּן יִשְׂרָאֵל אַרֵיינְגֶעקוּמֶען צוּ דֶעם מֶלֶךְ קֵיין חֶבְרוֹן, אוּנְד דָוִד הַמֶּלֶךְ הָאט מִיט זֵייא גֶעמַאכְט אַ בְּרִית אִין חֶבְרוֹן פָאר גָאט, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעזַאלְבְּט דָוִד אַלְס מֶלֶךְ אִיבֶּער יִשְׂרָאֵל: 4 דָוִד אִיז אַלְט גֶעװעזֶען דְרֵייסִיג יָאהְר װען עֶר הָאט אָנְגֶעהױבֶּען צוּ רֶעגִירֶען, אוּנְד עֶר הָאט רֶעגִיעֶרְט פִירְצִיג יָאהְר: 5 אִין חֶבְרוֹן הָאט עֶר רֶעגִיעֶרְט אִיבֶּער יְהוּדָה זִיבֶּען יָאהְר אוּנְד זֶעקְס חֳדָשִׁים, אוּנְד אִין יְרוּשָׁלַיִם הָאט עֶר רֶעגִיעֶרְט אִיבֶּער גַאנְץ יִשְׂרָאֵל אוּנְד יְהוּדָה דְרֵייא אוּנְד דְרֵייסִיג יָאהְר: 6 אוּנְד דֶער מֶלֶךְ אוּנְד זַיינֶע לֵייט זֶענֶען גֶעגַאנְגֶען קֵיין יְרוּשָׁלַיִם קֶעגֶען דֶעם יְבוּסִי װָאס הָאט גֶעװאױנְט אִין דֶעם לַאנְד, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט צוּ דָוִד, אַזױ צוּ זָאגֶען, װען דוּא װעסְט נִיט אָפְּטְהוּן דִיא בְּלִינְדֶע אוּנְד דִיא לָאהְמֶע זָאלְסְט דוּא נִיט דָא אַהֶער קוּמֶען, זֵייא הָאבֶּען גֶעמֵיינְט אַז דָוִד קֶען נִיט דָא אַהֶער קוּמֶען: 7 אוּנְד דָוִד הָאט אֵיינְגֶענוּמֶען דִיא פֶעסְטוּנְג פוּן צִיּוֹן, דָאס אִיז דִיא שְׁטָאט דָוִד: 8 אוּנְד דָוִד הָאט אַן דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען טָאג גֶעזָאגְט, אִיטְלִיכֶער װָאס װעט אָנְרִירֶען דֶעם טְהוּרְם אוּנְד שְׁלָאגֶען דֶעם יְבוּסִי אוּנְד דִיא לָאהְמֶע אוּנְד בְּלִינְדֶע װָאס װערֶען גֶעהַאסְט פוּן דָוִד'ס זֶעלֶע, (װעט װערֶען אַ הױפְּטמַאן), דָארִיבֶּער װערְט גֶעזָאגְט אַז אַ בְּלִינְדֶער אוּנְד אַ לָאהְמֶער זָאל נִיט אַרֵיינְקוּמֶען אִין דֶעם הױז: 9 אַזױ הָאט דָוִד גֶעװאױנְט אִין דֶער פֶעסְטוּנְג, אוּנְד עֶר הָאט זִיא גֶערוּפֶען, דִיא שְׁטָאט פוּן דָוִד, אוּנְד דָוִד הָאט גֶעבּױעט רִינְגְס אַרוּם, פוּן מִלּוֹא אָן אוּנְד אִינֶעװֵייניג: 10 אוּנְד דָוִד אִיז אָנְגֶעגַאנְגֶען אוּנְד אִיז גְרױס גֶעװָארֶען, אוּנְד יְהֹוָה דֶער גָאט פוּן דִיא הֶערְשַׁארֶען אִיז מִיט אִיהְם גֶעװעזֶען: 11 אוּנְד חִירָם דֶער מֶלֶךְ פוּן צוֹר הָאט גֶעשִׁיקְט שְׁלוּחִים צוּ דָוִד, אוּנְד טֶענֶען בּױמֶער, אוּנְד בּױמֵייסְטֶער, אוּנְד שְׁטֵיין מױרֶערְס, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעבּױעט אַ הױז פַאר דָוִד: 12 אוּנְד דָוִד הָאט גֶעװאוּסְט

כי־הכינו יהוה למלך על־ישראל וכי נשא ממלכתו
13 בעבור עמו ישראל: ויקח דוד עוד פלגשים
ונשים מירושלם אחרי באו מחברון ויולדו עוד לדוד
14 בנים ובנות: ואלה שמות הילדים לו בירושלם שמוע
טו ושובב ונתן ושלמה: ויבחר ואלישוע ונפג ויפיע:
16 17 ואלישמע ואלידע ואליפלט: וישמעו פלשתים
כי־משחו את־דוד למלך על־ישראל ויעלו כל־פלשתים
18 לבקש את־דוד וישמע דוד וירד אל־המצודה: ופלשתים
19 באו וינטשו בעמק רפאים: וישאל דוד ביהוה לאמר
האעלה אל־פלשתים התתנם בידי ויאמר
יהוה אל־דוד עלה כי־נתן אתן את־הפלשתים בידך:
כ ויבא דוד בבעל־פרצים ויכם שם דוד ויאמר פרץ
יהוה את־איבי לפני כפרץ מים על־כן קרא שם־המקום
21 ההוא בעל פרצים: ויעזבו־שם את־עצביהם וישאם
22 דוד ואנשיו: ויספו עוד פלשתים לעלות וינטשו
23 בעמק רפאים: וישאל דוד ביהוה ויאמר לא תעלה
24 הסב אל־אחריהם ובאת להם ממול בכאים: ויהי
בשמעך את־קול צעדה בראשי הבכאים אז תחרץ כי
כה אז יצא יהוה לפניך להכות במחנה פלשתים: ויעש
דוד כן כאשר צוהו יהוה ויך את־פלשתים מגבע עד
באך גזר:

ו

א ויסף עוד דוד את־כל־בחור בישראל שלשים אלף:
2 ויקם | וילך דוד וכל־העם אשר אתו מבעלי יהודה
להעלות משם את ארון האלהים אשר־נקרא שם שם
3 יהוה צבאות ישב הכרבים עליו: וירכבו את־ארון
האלהים אל־עגלה חדשה וישאהו מבית אבינדב אשר

אז גאט האט איהם אנגעשטעלט צו זיין א מלך איבער ישראל, אונד אז גאט האט דערהויבען זיין קעניגרייך פון וועגען זיין פאלק ישראל: 13 אונד דוד האט זיך נאך מעהר קעבסווייבער אונד ווייבער גענומען אוים ירושלים, נאכדעם ער איז געקומען פון חברון, אונד עס זענען נאך צו דוד געבוירען געוואָרען זיהן אונד טעכטער: 14 אונד דאס זענען דיא נעמען פון דיא וואס זענען צו איהם געבוירען געוואָרען אין ירושלים, שמוע, אונד שובב, אונד נתן אונד שלמה: 15 אונד יבחר, אונד אלישוע אונד נפג, אונד יפיע: 16 אונד אלישמע, אונד אלידע, אונד אליפלט: 17 אונד ווען דיא פלשתים האבען געהערט אז זייא האבען דוד געזאלבט אלם מלך איבער ישראל, אזוי זענען אלע פלשתים ארויסגעגאנגען דוד צו זוכען אונד ווען דוד האט עס געהערט, אזוי איז ער ארויפגעגאנגען אין דיא פעסטונג: 18 אונד דיא פלשתים זענען געקומען אונד זייא האבען זיך אויסגעברייט אין דעם טהאל רפאים:

19 אונד דוד האט אנגעפרעגט בייא גאט, אונד געזאגט, זאל איך ארויפגיין קעגען דיא פלשתים? וועסט דוא זייא איבערגעבען אין מיינע האנד?—אונד גאט האט געזאגט צו דוד, גייא ארויף, וואָרין איך וועל דיא פלשתים געוויס איבערגעבען אין דיינע האנד: 20 אונד דוד איז געקומען קיין בעל פרצים, אונד דוד האט זייא דארט געשלאגען; אונד ער האט געזאגט, גאט האט פאר מיר צובראכען מיינע פיינד, אזוי וויא דער בראך פון וואסער, דארום האט ער דעמזעלביגען ארט גערופען בעל־פרצים: 21 אונד זייא האבען דארטען פערלאזען זייערע אפגעטער, אונד דוד אונד זיינע לייט האבען זייא פערברענט: 22 אונד דיא פלשתים זענען נאכאמאל ארויפגעגאנגען, אונד זייא האבען זיך אויסגעברייט אין דעם טהאל רפאים: 23 אונד דוד האט אנגעפרעגט בייא גאט, אונד ער האט געזאגט, דוא זאלסט ניט ארויפגיין, נייערט קעהר דיך הינטער זייא, אזוי וועסט דוא צו זייא קומען קעגעניבער פון דיאביימער: 24 אונד עס וועט זיין אז ווען דוא וועסט הערען דיא טריט אן דער שפיץ פון דיא ביימער דענסמאל זאלסט דוא דיך איילען, וואָרין דענסמאל איז גאט ארויסגעגאנגען פאר דיר צו שלאגען אין דער מחנה פון דיא פלשתים: 25 אונד דוד האט געטהון אזוי וויא גאט האט איהם געבאטען, אונד ער האט געשלאגען דיא פלשתים פון גבע אן ביז מען קומט קיין גזר:

## קאפיטעל ו

1 אונד דוד האט נאכאמאל איינגעזאמעלט אלע אויסדערוויילטע אין ישראל, דרייסיג טויזענד: 2 אונד דוד איז אויפגעשטאנען אונד ער איז געגאנגען מיט דעם גאנצען פאלק וואס איז מיט איהם געוועזען אוים בעלי יהודה, כדי פון דארטען ארויפצוברענגען דעם ארון פון גאט, וואס מען האט גערופען—שם יהוה צבאות,—אויף וועלכען דיא כרובים האבען גערוהט: 3 אונד זייא האבען דעם ארון פון גאט געטהון אויף א נייעם וואגען, אונד זייא האבען איהם אוועקגעטראגען אוים דעם הויז פון אבינדב וואס

איז

בְּגִבְעָה וְעֻזָּא וְאַחְיוֹ בְּנֵי אֲבִינָדָב נֹהֲגִים אֶת־הָעֲגָלָה
חֲדָשָׁה׃ וַיִּשָּׂאֻהוּ מִבֵּית אֲבִינָדָב אֲשֶׁר בַּגִּבְעָה עִם אֲרוֹן 4
הָאֱלֹהִים וְאַחְיוֹ הֹלֵךְ לִפְנֵי הָאָרוֹן׃ וְדָוִד ׀ וְכָל־בֵּית ה
יִשְׂרָאֵל מְשַׂחֲקִים לִפְנֵי יְהוָה בְּכֹל עֲצֵי בְרוֹשִׁים וּבְכִנֹּרוֹת
וּבִנְבָלִים וּבְתֻפִּים וּבִמְנַעַנְעִים וּבְצֶלְצֱלִים׃ וַיָּבֹאוּ עַד־ 6
גֹּרֶן נָכוֹן וַיִּשְׁלַח עֻזָּה אֶל־אֲרוֹן הָאֱלֹהִים וַיֹּאחֶז בּוֹ כִּי
שָׁמְטוּ הַבָּקָר׃ וַיִּחַר־אַף יְהוָה בְּעֻזָּה וַיַּכֵּהוּ שָׁם הָאֱלֹהִים 7
עַל־הַשַּׁל וַיָּמָת שָׁם עִם אֲרוֹן הָאֱלֹהִים׃ וַיִּחַר לְדָוִד עַל 8
אֲשֶׁר פָּרַץ יְהוָה פֶּרֶץ בְּעֻזָּה וַיִּקְרָא לַמָּקוֹם הַהוּא פֶּרֶץ
עֻזָּה עַד הַיּוֹם הַזֶּה׃ וַיִּרָא דָוִד אֶת־יְהוָה בַּיּוֹם הַהוּא 9
וַיֹּאמֶר אֵיךְ יָבוֹא אֵלַי אֲרוֹן יְהוָה׃ וְלֹא־אָבָה דָוִד לְהָסִיר י
אֵלָיו אֶת־אֲרוֹן יְהוָה עַל־עִיר דָּוִד וַיַּטֵּהוּ דָוִד בֵּית עֹבֵד־
אֱדֹם הַגִּתִּי׃ וַיֵּשֶׁב אֲרוֹן יְהוָה בֵּית עֹבֵד אֱדֹם הַגִּתִּי 11
שְׁלֹשָׁה חֳדָשִׁים וַיְבָרֶךְ יְהוָה אֶת־עֹבֵד אֱדֹם וְאֶת־כָּל־
בֵּיתוֹ׃ וַיֻּגַּד לַמֶּלֶךְ דָּוִד לֵאמֹר בֵּרַךְ יְהוָה אֶת־בֵּית עֹבֵד 12
אֱדֹם וְאֶת־כָּל־אֲשֶׁר־לוֹ בַּעֲבוּר אֲרוֹן הָאֱלֹהִים וַיֵּלֶךְ דָּוִד
וַיַּעַל אֶת־אֲרוֹן הָאֱלֹהִים מִבֵּית עֹבֵד אֱדֹם עִיר דָּוִד
בְּשִׂמְחָה׃ וַיְהִי כִּי צָעֲדוּ נֹשְׂאֵי אֲרוֹן־יְהוָה שִׁשָּׁה צְעָדִים 13
וַיִּזְבַּח שׁוֹר וּמְרִיא׃ וְדָוִד מְכַרְכֵּר בְּכָל־עֹז לִפְנֵי יְהוָה 14
וְדָוִד חָגוּר אֵפוֹד בָּד׃ וְדָוִד וְכָל־בֵּית יִשְׂרָאֵל מַעֲלִים טו
אֶת־אֲרוֹן יְהוָה בִּתְרוּעָה וּבְקוֹל שׁוֹפָר׃ וְהָיָה אֲרוֹן יְהוָה 16
בָּא עִיר דָּוִד וּמִיכַל בַּת־שָׁאוּל נִשְׁקְפָה ׀ בְּעַד הַחַלּוֹן
וַתֵּרֶא אֶת־הַמֶּלֶךְ דָּוִד מְפַזֵּז וּמְכַרְכֵּר לִפְנֵי יְהוָה וַתִּבֶז
לוֹ בְּלִבָּהּ׃ וַיָּבִאוּ אֶת־אֲרוֹן יְהוָה וַיַּצִּגוּ אֹתוֹ בִּמְקוֹמוֹ 17
בְּתוֹךְ הָאֹהֶל אֲשֶׁר נָטָה־לוֹ דָּוִד וַיַּעַל דָּוִד עֹלוֹת לִפְנֵי
יְהוָה וּשְׁלָמִים׃ וַיְכַל דָּוִד מֵהַעֲלוֹת הָעוֹלָה וְהַשְּׁלָמִים 18
וַיְבָרֶךְ אֶת־הָעָם בְּשֵׁם יְהוָה צְבָאוֹת׃ וַיְחַלֵּק לְכָל־הָעָם 19

איז אין גִבְעָה, אוּנד עֻזָא אוּנד אַחְיוֹ
דיא זיהן פוּן אֲבִינָדָב הָאבֶּען דֶעם נייעֶן
וָואגֶען געפִֿיהרְט׃ 4 אוּנד וָוען זייא
הָאבֶּען דֶעם אָרוֹן פוּן גָאט אַוֶועקְגֶע־
טְרָאגֶען אוֹיס דֶעם הויז פוּן אֲבִינָדָב וָואס
איז אין גִבְעָה, אַזוֹי איז אַחְיוֹ גֶעגַאנְגֶען
פָאר דֶעם אָרוֹן׃ 5 אוּנד דָוִד, אוּנד דָאס
גַאנְצֶע הויז יִשְׂרָאֵל הָאבֶּען גֶעשְׁפִּילְט
פָאר גָאט מִיט אַלֶערְלֵייא (כְּלֵי זֶמֶר וָואס
איז גֶעמַאכְט) אוֹיס בּוּקְסֶען הָאלְץ, אוּנד
מִיט הַארְפֶען, אוּנד פִידֶעלְן אוּנד פּוֹיקֶען,
אוּנד מִיט גְלָאקֶען אוּנד מִיט שַׁאלְלֶען׃
6 אוּנד וָוען זייא זֶענֶען גֶעקוּמֶען בִּיז צוּ
דיא שֵׁייעֶר נָכוֹן אַזוֹי הָאט עֻזָה אוֹיסְ־
גֶעשְׁטְרֶעקְט זֵיינֶע הַאנְד צוּ דֶעם אָרוֹן
פוּן גָאט, אוּנְד עֶר הָאט אַן אִיהְם אָנְגֶע־
הַאלְטֶען, וָוארִין דיא רִינְדֶער הָאבֶּען
אִיהְם גֶעשָׁאקֶעלְט׃ 7 אוּנד דֶער צָארְן
פוּן גָאט הָאט דֶערגְרִימְט אִיבֶּער עֻזָה,
אוּנד גָאט הָאט אִיהְם דָארְט דֶערשְׁלָאגֶען
אִיבֶּער דֶעם שׁוֹגֵג, אוּנד עֶר אִיז דָארְט
גֶעשְׁטָארְבֶּען בֵּייא דֶעם אָרוֹן פוּן גָאט׃
8 אוּנד עֶס הָאט דָוִד לֵייד גֶעטְהוּן וֵוייל
גָאט הָאט גֶעבְּרָאכֶען אַ בְּרָאךְ אַן עֻזָה,
אוּנד עֶר הָאט דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען אָרְט גֶע־
רוּפֶען פֶּרֶץ עֻזָה בִּיז צוּ דֶעם הֵיינְטִיגֶען
טָאג׃ 9 אוּנד דָוִד הָאט מוֹרָא גֶעהַאט פָאר גָאט אַן דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען טָאג, אוּנד עֶר
הָאט גֶעזָאגְט, וִויא זָאל דֶער אָרוֹן פוּן גָאט צוּ מִיר קוּמֶען? 10 אוּנד דָוִד הָאט נִיט
גֶעוָואלְט אַז דֶער אָרוֹן פוּן גָאט זָאל צוּ אִיהְם אָפְּקֶעהְרֶען צוּ דֶער שְׁטָאט דָוִד, אוּנְד
דָוִד הָאט אִיהְם אָפְּגֶענֵייגְט צוּ דֶעם הויז פוּן עוֹבֵד אֱדוֹם הַגִתִּי׃ 11 אוּנד דֶער אָרוֹן
פוּן גָאט אִיז גֶעבְּלִיבֶּען אִין דֶעם הויז פוּן עוֹבֵד אֱדוֹם הַגִתִּי דְרֵייא חֲדָשִׁים, אוּנד גָאט
הָאט גֶעבֶּענְשְׁט דֶעם עוֹבֵד אֱדוֹם, אוּנד זֵיין גַאנְצֶעס הויזְגֶעזִינְד׃ 12 אוּנד עֶס אִיז
אָנְגֶעזָאגְט גֶעוָוארֶען צוּ דָוִד הַמֶלֶךְ, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, גָאט הָאט גֶעבֶּענְשְׁט דָאס הויזְ־
גֶעזִינְד פוּן עוֹבֵד אֱדוֹם אוּנד אַלֶעס וָואס גֶעהֶערְט צוּ אִיהְם, פוּן וֶועגֶען דֶעם אָרוֹן פוּן
גָאט, אַזוֹי אִיז דָוִד אַהִינְגֶעגַאנְגֶען אוּנְד הָאט אַרוֹיפְגֶעבְּרַאכְט דֶעם אָרוֹן פוּן גָאט
אוֹיס דֶעם הויז פוּן עוֹבֵד אֱדוֹם, צוּ דֶער שְׁטָאט דָוִד מִיט פְרֵייד׃ 13 אוּנד עֶס
אִיז גֶעוֶועזֶען וֶוען דִיא טְרֶעגֶער פוּן דֶעם אָרוֹן פוּן גָאט הָאבֶּען גֶעטְרֶעטֶען זֶעקְס
טְרִיט, אַזוֹי הָאט עֶר מַקְרִיב גֶעוֶועזֶען אַן אָקְס אוּנד אַ פֶּעט קַאלְבּ׃ 14 אוּנד דָוִד
הָאט גֶעטַאנְצְט מִיט זֵיין גַאנְצֶען כֹּחַ פָאר יְהֹוָה, אוּנד דָוִד אִיז גֶעוֶועזֶען אָנְגֶעגַארְטֶעלְט
מִיט אַיין לֵיינֶענֶען אֵפוֹד׃ 15 אוּנד דָוִד אוּנד דָאס גַאנְצֶע הויז יִשְׂרָאֵל הָאבֶּען
אַרוֹיפְגֶעבְּרַאכְט דֶעם אָרוֹן פוּן גָאט מִיט שַׁאלְלֶען אוּנד מִיט דֶעם קוֹל פוּן שׁוֹפָר׃
16 אוּנד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען וֶוען דֶער אָרוֹן פוּן גָאט אִיז אָנְגֶעקוּמֶען אִין דֶער
שְׁטָאט, אַזוֹי הָאט מִיכַל דִיא טָאכְטֶער פוּן שָׁאוּל אַרוֹיסְגֶעקוּקְט דוּרְךְ דָאס
פֶענְסְטֶער, אוּנד זִיא הָאט גֶעזֶעהֶען דֶעם מֶלֶךְ דָוִד שְׁפְּרִינְגֶען אוּנד טַאנְצֶען פָאר
גָאט, אַזוֹי הָאט זִיא אִיהְם מְבַזֶה גֶעוֶועזֶען אִין אִיהְר הַארְץ׃ 17 אוּנד זֵייא
הָאבֶּען אַרֵיינְגֶעבְּרַאכְט דֶעם אָרוֹן פוּן גָאט, אוּנד זֵייא הָאבֶּען אִיהְם גֶעשְׁטֶעלְט
אוֹיף זֵיין אָרְט, אִין דֶער מִיטֶע פוּן דֶעם גֶעצֶעלְט וָואס דָוִד הָאט פָאר
אִיהְם אוֹיסְגֶעשְׁפְּרֵייט, אוּנד דָוִד הָאט אוֹיפְגֶעבְּרַאכְט קָרְבָּן עוֹלוֹת אוּנד שְׁלָמִים
פָאר גָאט׃ 18 אוּנד וֶוען דָוִד הָאט אוֹיפְגֶעהֶערְט אוֹיפְצוּבְּרֶענְגֶען דִיא קָרְבָּן
עוֹלוֹת אוּנד שְׁלָמִים, אַזוֹי הָאט עֶר גֶעבֶּענְשְׁט דָאס פָאלְק אִין דֶעם נָאמֶען
פוּן יְהֹוָה צְבָאוֹת׃ 19 אוּנד עֶר הָאט פֶערְטֵיילְט צוּ דֶעם גַאנְצֶען פָאלְק

לְכָל־הֲמוֹן יִשְׂרָאֵל לְמֵאִישׁ וְעַד־אִשָּׁה לְאִישׁ חַלַּת לֶחֶם
אַחַת וְאֶשְׁפָּר אֶחָד וַאֲשִׁישָׁה אֶחָת וַיֵּלֶךְ כָּל־הָעָם אִישׁ
כ לְבֵיתוֹ: וַיָּשָׁב דָּוִד לְבָרֵךְ אֶת־בֵּיתוֹ וַתֵּצֵא
מִיכַל בַּת־שָׁאוּל לִקְרַאת דָּוִד וַתֹּאמֶר מַה־נִּכְבַּד הַיּוֹם
מֶלֶךְ יִשְׂרָאֵל אֲשֶׁר נִגְלָה הַיּוֹם לְעֵינֵי אַמְהוֹת עֲבָדָיו
21 כְּהִגָּלוֹת נִגְלוֹת אַחַד הָרֵקִים: וַיֹּאמֶר דָּוִד אֶל־מִיכַל לִפְנֵי
יְהוָה אֲשֶׁר בָּחַר־בִּי מֵאָבִיךְ וּמִכָּל־בֵּיתוֹ לְצַוֹּת אֹתִי נָגִיד
22 עַל־עַם יְהוָה עַל־יִשְׂרָאֵל וְשִׂחַקְתִּי לִפְנֵי יְהוָה: וּנְקַלֹּתִי
עוֹד מִזֹּאת וְהָיִיתִי שָׁפָל בְּעֵינָי וְעִם־הָאֲמָהוֹת אֲשֶׁר אָמַרְתְּ
23 עִמָּם אִכָּבֵדָה: וּלְמִיכַל בַּת־שָׁאוּל לֹא־הָיָה לָהּ יָלֶד עַד
יוֹם מוֹתָהּ:

ז

א וַיְהִי כִּי־יָשַׁב הַמֶּלֶךְ בְּבֵיתוֹ וַיהוָה הֵנִיחַ־לוֹ מִסָּבִיב מִכָּל־
2 אֹיְבָיו: וַיֹּאמֶר הַמֶּלֶךְ אֶל־נָתָן הַנָּבִיא רְאֵה נָא אָנֹכִי
יוֹשֵׁב בְּבֵית אֲרָזִים וַאֲרוֹן הָאֱלֹהִים יֹשֵׁב בְּתוֹךְ הַיְרִיעָה:
3 וַיֹּאמֶר נָתָן אֶל־הַמֶּלֶךְ כֹּל אֲשֶׁר בִּלְבָבְךָ לֵךְ עֲשֵׂה כִּי
4 יְהוָה עִמָּךְ: וַיְהִי בַּלַּיְלָה הַהוּא וַיְהִי דְּבַר־
ה יְהוָה אֶל־נָתָן לֵאמֹר: לֵךְ וְאָמַרְתָּ אֶל־עַבְדִּי אֶל־דָּוִד
6 כֹּה אָמַר יְהוָה הַאַתָּה תִּבְנֶה־לִּי בַיִת לְשִׁבְתִּי: כִּי לֹא
יָשַׁבְתִּי בְּבַיִת לְמִיּוֹם הַעֲלֹתִי אֶת־בְּנֵי יִשְׂרָאֵל מִמִּצְרַיִם
7 וְעַד הַיּוֹם הַזֶּה וָאֶהְיֶה מִתְהַלֵּךְ בְּאֹהֶל וּבְמִשְׁכָּן: בְּכֹל
אֲשֶׁר־הִתְהַלַּכְתִּי בְּכָל־בְּנֵי יִשְׂרָאֵל הֲדָבָר דִּבַּרְתִּי אֶת־אַחַד
שִׁבְטֵי יִשְׂרָאֵל אֲשֶׁר צִוִּיתִי לִרְעוֹת אֶת־עַמִּי אֶת־יִשְׂרָאֵל
8 לֵאמֹר לָמָּה לֹא־בְנִיתֶם לִי בֵּית אֲרָזִים: וְעַתָּה כֹּה־תֹאמַר
לְעַבְדִּי לְדָוִד כֹּה אָמַר יְהוָה צְבָאוֹת אֲנִי לְקַחְתִּיךָ מִן
הַנָּוֶה מֵאַחַר הַצֹּאן לִהְיוֹת נָגִיד עַל־עַמִּי עַל־יִשְׂרָאֵל:
9 וָאֶהְיֶה עִמְּךָ בְּכֹל אֲשֶׁר הָלַכְתָּ וָאַכְרִתָה אֶת־כָּל־אֹיְבֶיךָ

אוּנְד צוּ דֶער גַאנְצֶע מֶענְגֶע פוּן יִשְׂרָאֵל, פוּן מַאן בִּיז וַוייבּ, צוּ אִיטְלִיכֶען אַ חַלָּה בְּרוֹיט, אוּנְד אַ שְׁטִיק רִינְדפְלֵיישׁ, אוּנְד אֵיין מָאס וַויין, אוּנְד דָאס גַאנְצֶע פָאלְק אִיז אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען אִיטְלִיכֶער צוּ זֵיין הוֹיז: 20 אוּנְד דָוִד הָאט זִיךְ אוּמְגֶע־קֶעהְרְט צוּ בֶּענְשֶׁען זֵיין הוֹיזְגֶעזִינְד — אוּנְד מִיכַל דִיא טָאכְטֶער פוּן שָׁאוּל אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען עֶנְטְקֶעגֶען דָוִד, אוּנְד זִיא הָאט גֶעזָאגְט, ווִיא הָאט זִיךְ דֶער מֶלֶךְ פוּן יִשְׂרָאֵל הֵיינְט פֶערְהֶערְלִיכְט, וָואס הָאט זִיךְ הֵיינְט אַנְטְפְּלֶעקְט פַאר דִיא אוֹיגֶען פוּן זֵיינֶע דִינְסְט־מֶעדְכֶען, אַזוֹי ווִיא אַ לֵיידִיגֶער טְהוּט זִיךְ אַנְטְפְּלֶעקֶען: 21 אוּנְד דָוִד הָאט גֶעזָאגְט צוּ מִיכַל (עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען) פָאר גָאט, וָואס הָאט מִיךְ אוֹיסְדֶערְוֶוועהְלְט פַאר דֵיין פָאטֶער, אוּנְד פַאר זֵיין גַאנְץ הוֹיזְגֶעזִינְד, מִיךְ צוּ בֶּע־פֶעהְלֶען אַלְס אַ פִירְשְׁט אִיבֶּער דֶעם פָאלְק פוּן גָאט, אִיבֶּער יִשְׂרָאֵל — דָאס אִיךְ הָאבּ גֶעשְׁפִּילְט פָאר גָאט: 22 אוּנְד אִיךְ וֶועל נָאךְ גְרִינְגֶער וֶוערֶען ווִיא דָאס דָאזִיגֶע, אוּנְד אִיךְ וֶועל זֵיין גְרִינְג אִין מֵיינֶע אוֹיגֶען, אָבֶּער בַּייא דִיא דִינְסְט־מֶעדְכֶען פוּן וֶועלְכֶע דוּא הָאסְט גֶעזָאגְט — בַּייא זֵייא וֶועל אִיךְ בְּכָבוֹד גֶעהַאלְטֶען וֶוערֶען: 23 אוּנְד צוּ מִיכַל דִיא טָאכְטֶער פוּן שָׁאוּל אִיז נִיט גֶעוֶועזֶען קֵיין קִינְד בִּיז צוּ דֶעם טָאג פוּן אִיהְר טוֹיט:

קאפיטעל ז

1 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען וֶוען דֶער קֶענִיג הָאט גֶעווְאוֹינְט אִין זֵיין הוֹיז, אוּנְד גָאט הָאט אִיהְם גֶעגֶעבֶּען רוּהֶע רִינְגְס אַרוּם פוּן אַלֶע זֵיינֶע פֵיינְד: 2 אַזוֹי הָאט דֶער מֶלֶךְ גֶעזָאגְט צוּ נָתָן הַנָּבִיא, זֶעה אִיךְ ווְאוֹין אִין אַ הוֹיז פוּן טַאנֶענְבֵּיימֶער, אוּנְד דֶער אָרוֹן פוּן גָאט בְּלֵייבְּט נוּר אוּנְטֶער אַ פָארְהַאנְג: 3 אוּנְד נָתָן הַנָּבִיא הָאט גֶעזָאגְט צוּ דֶעם קֶענִיג, אַלֶעס וָואס אִיז אִין דֵיין הַארְץ טְהוּא, וָוארִין גָאט אִיז מִיט דִיר: 4 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אִין דִיזֶעלְבֶּע נַאכְט — אַזוֹי אִיז דָאס וָוארְט פוּן גָאט גֶעוֶועזֶען צוּ נָתָן אַזוֹי צוּ זָאגֶען: 5 גֵייא אוּנְד דוּא זָאלְסְט זָאגֶען צוּ מֵיין קְנֶעכְט, צוּ דָוִד, אַזוֹי זָאגְט יְהוָֹה, ווִילְסְט דוּא צוּ מִיר בּוֹיעֶן אַ הוֹיז פַאר מֵיינֶע ווְאוֹינוּנְג? 6 וָוארִין אִיךְ הָאבּ נִיט גֶעווְאוֹינְט אִין אַ הוֹיז זֵייט דֶעם טָאג וָואס אִיךְ הָאבּ אַרוֹיפְגֶעבְּרַאכְט דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל פוּן מִצְרַיִם, אוּנְד בִּיז צוּ דֶעם הֵיינְטִיגֶען טָאג, נֵייעֶרְט אִיךְ בִּין אַרוּמְגֶעגַאנְגֶען אִין אַ גֶעצֶעלְט אוּנְד אַ מִשְׁכָּן: 7 אַלֶערְטְוֶועגֶען אַווְאוּ אִיךְ בִּין אַרוּמְגֶעגַאנְגֶען מִיט אַלֶע קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל, הָאבּ אִיךְ אַמָאל אַ וָוארְט גֶערֶעט צוּ אֵיינֶעם פוּן דִיא שְׁבָטִים פוּן יִשְׂרָאֵל וָואס אִיךְ הָאבּ אִיהְם גֶעבָּאטֶען צוּ פֶערְזָארְגֶען מֵיין פָאלְק יִשְׂרָאֵל אַזוֹי צוּ זָאגֶען, פַארְוָואס הָאט אִיהְר מִיר נִיט גֶעבּוֹיעֶט אַ הוֹיז פוּן טַאנֶענְהָאלְץ? 8 אוּנְד אַצוּנְד זָאלְסְט דוּא אַזוֹי זָאגֶען צוּ מֵיין קְנֶעכְט, צוּ דָוִד, אַזוֹי זָאגְט יְהוָֹה צְבָאוֹת, אִיךְ הָאבּ דִיךְ גֶענוּמֶען פוּן דֶעם שְׁטַאל פוּן הִינְטֶער דִיא שָׁאף, אַז דוּא זָאלְסְט זֵיין אַ פִירְשְׁט אִיבֶּער מֵיין פָאלְק, אִיבֶּער יִשְׂרָאֵל: 9 אוּנְד אִיךְ בִּין מִיט דִיר גֶעוֶועזֶען אִין אַלֶעם ווְאוּ דוּא בִּיזְט אַהִינְגֶעגַאנְגֶען, אוּנְד אִיךְ הָאבּ פֶערְטִילְגְט אַלֶע דֵיינֶע פֵיינְד

מִפָּנֶיךָ וְעָשִׂתִי לְךָ שֵׁם גָּדוֹל כְּשֵׁם הַגְּדֹלִים אֲשֶׁר בָּאָרֶץ:
וְשַׂמְתִּי מָקוֹם לְעַמִּי לְיִשְׂרָאֵל וּנְטַעְתִּיו וְשָׁכַן תַּחְתָּיו וְלֹא
יִרְגַּז עוֹד וְלֹא־יֹסִיפוּ בְנֵי־עַוְלָה לְעַנּוֹתוֹ כַּאֲשֶׁר בָּרִאשׁוֹנָה:
11 וּלְמִן־הַיּוֹם אֲשֶׁר צִוִּיתִי שֹׁפְטִים עַל־עַמִּי יִשְׂרָאֵל וַהֲנִיחֹתִי
לְךָ מִכָּל־אֹיְבֶיךָ וְהִגִּיד לְךָ יְהוָה כִּי־בַיִת יַעֲשֶׂה־לְּךָ יְהוָה:
12 כִּי ׀ יִמְלְאוּ יָמֶיךָ וְשָׁכַבְתָּ אֶת־אֲבֹתֶיךָ וַהֲקִימֹתִי אֶת־זַרְעֲךָ
13 אַחֲרֶיךָ אֲשֶׁר יֵצֵא מִמֵּעֶיךָ וַהֲכִינֹתִי אֶת־מַמְלַכְתּוֹ: הוּא
יִבְנֶה־בַּיִת לִשְׁמִי וְכֹנַנְתִּי אֶת־כִּסֵּא מַמְלַכְתּוֹ עַד־עוֹלָם:
14 אֲנִי אֶהְיֶה־לּוֹ לְאָב וְהוּא יִהְיֶה־לִּי לְבֵן אֲשֶׁר בְּהַעֲוֺתוֹ
טו וְהֹכַחְתִּיו בְּשֵׁבֶט אֲנָשִׁים וּבְנִגְעֵי בְּנֵי אָדָם: וְחַסְדִּי לֹא־
יָסוּר מִמֶּנּוּ כַּאֲשֶׁר הֲסִרֹתִי מֵעִם שָׁאוּל אֲשֶׁר הֲסִרֹתִי
16 מִלְּפָנֶיךָ: וְנֶאְמַן בֵּיתְךָ וּמַמְלַכְתְּךָ עַד־עוֹלָם לְפָנֶיךָ כִּסְאֲךָ
17 יִהְיֶה נָכוֹן עַד־עוֹלָם: כְּכֹל הַדְּבָרִים הָאֵלֶּה וּכְכֹל הַחִזָּיוֹן
18 הַזֶּה כֵּן דִּבֶּר נָתָן אֶל־דָּוִד: וַיָּבֹא הַמֶּלֶךְ דָּוִד וַיֵּשֶׁב
לִפְנֵי יְהוָה וַיֹּאמֶר מִי אָנֹכִי אֲדֹנָי יֱהוִה וּמִי בֵיתִי כִּי הֲבִיאֹתַנִי
19 עַד־הֲלֹם: וַתִּקְטַן עוֹד זֹאת בְּעֵינֶיךָ אֲדֹנָי יֱהוִה וַתְּדַבֵּר
גַּם אֶל־בֵּית־עַבְדְּךָ לְמֵרָחוֹק וְזֹאת תּוֹרַת הָאָדָם אֲדֹנָי
כ יֱהוִה: וּמַה־יּוֹסִיף דָּוִד עוֹד לְדַבֵּר אֵלֶיךָ וְאַתָּה יָדַעְתָּ
21 אֶת־עַבְדְּךָ אֲדֹנָי יֱהוִה: בַּעֲבוּר דְּבָרְךָ וּכְלִבְּךָ עָשִׂיתָ
22 אֵת כָּל־הַגְּדוּלָּה הַזֹּאת לְהוֹדִיעַ אֶת־עַבְדֶּךָ: עַל־כֵּן גָּדַלְתָּ
יְהוָה אֱלֹהִים כִּי־אֵין כָּמוֹךָ וְאֵין אֱלֹהִים זוּלָתֶךָ בְּכֹל
23 אֲשֶׁר־שָׁמַעְנוּ בְּאָזְנֵינוּ: וּמִי כְעַמְּךָ כְּיִשְׂרָאֵל גּוֹי אֶחָד
בָּאָרֶץ אֲשֶׁר הָלְכוּ־אֱלֹהִים לִפְדּוֹת־לוֹ לְעָם וְלָשׂוּם לוֹ
שֵׁם וְלַעֲשׂוֹת לָכֶם הַגְּדוּלָּה וְנֹרָאוֹת לְאַרְצֶךָ מִפְּנֵי עַמְּךָ
24 אֲשֶׁר פָּדִיתָ לְּךָ מִמִּצְרַיִם גּוֹיִם וֵאלֹהָיו: וַתְּכוֹנֵן לְךָ אֶת־
עַמְּךָ יִשְׂרָאֵל ׀ לְךָ לְעָם עַד־עוֹלָם וְאַתָּה יְהוָה הָיִיתָ לָהֶם
כה לֵאלֹהִים: וְעַתָּה יְהוָה אֱלֹהִים הַדָּבָר אֲשֶׁר דִּבַּרְתָּ עַל־

פָאר דִיר, אוּנד אִיךְ הָאבּ דִיר גֶעמַאכְט
אַ גְרוֹיסֶען נָאמֶען, אַזוֹי וִויא דֶער נָאמֶען
פוּן דִיא גְרוֹיסֶע לַייט וָואס זֶענֶען אוֹיף
דֶער עֶרְד: 10 אוּנְד אִיךְ וֶועל בֶּעשְׁטִימֶען אֵיין אָרְט פַאר מֵיין פָאלְק יִשְׂרָאֵל,
אוּנְד אִיךְ וֶועל זַייא פְלַאנְצֶען אוּנְד וֶועל
זַייא לָאזֶען וואוֹינֶען אוֹיף זַייעֶר אֵייגֶען
אָרְט, אוּנְד זַייא וֶועלֶען נִיט מֶעהְר
פֶערְוָואגֶעלְט וֶוערֶען, אוּנְד דִיא שְׁלֶעכְטֶע
קִינְדֶער וֶועלֶען זַייא נִיט מֶעהְר קֶענֶען
פֵּיינִיגֶען וִויא פְרִיהֶער: 11 אוּנְד אַזוֹי
וִויא פוּן דֶעם טָאג אָן וָואס אִיךְ הָאבּ
גֶעבָּאטֶען שׁוֹפְטִים אִיבֶּער מֵיין פָאלְק
יִשְׂרָאֵל; אוּנְד אִיךְ הָאבּ דִיר גֶעגֶעבֶּען
רוּה פוּן אַלֶע דֵיינֶע פֵיינְד, אוּנְד גָאט
הָאט דִיר גֶעלָאזְט אָנְזָאגֶען אַז יְהוָֹה וֶועט
דִיר מַאכֶען אַ הוֹיז: 12 וֶוען דֵיינֶע טֶעג
וֶועלֶען דֶערְפִילְט וֶוערֶען אוּנְד דוּא וֶועסְט
לִיגֶען מִיט דֵיינֶע עֶלְטֶערְן, אַזוֹי וֶועל אִיךְ
אוֹיפְשְׁטֶעלֶען דֵיין זָאמֶען נָאךְ דִיר, דֶער
וָואס וֶועט אַרוֹיסְקוּמֶען פוּן דֵיינֶע גֶעדֶערְם,
אוּנְד אִיךְ וֶועל אָנְבְּרֵייטֶען זֵיינֶע מְלוּכָה:
13 עֶר וֶועט בּוֹיעֶן אַ הוֹיז צוּ מֵיין נָאמֶען,
אוּנְד אִיךְ וֶועל אָנְבְּרֵייטֶען דֶעם שְׁטוּהְל
פוּן זֵיינֶע מְלוּכָה בִּיז אוֹיף אֵייבִּיג: 14 אִיךְ וֶועל צוּ אִיהְם זֵיין אַלְס אַ פָאטֶער אוּנְד
עֶר וֶועט צוּ מִיר זֵיין אַלְס אַ זוּהְן, אָבֶּער וֶוען עֶר וֶועט אוּנְגֶערֶעכְטִיגְקֵייט טְהוּן אַזוֹי
וֶועל אִיךְ אִיהְם בֶּעשְׁטְרָאפֶען מִיט דִיא רוּט פוּן מֶענְשֶׁען, אוּנְד מִיט דִיא פְּלָאג פוּן
מֶענְשֶׁען: 15 אָבֶּער מֵיין חֶסֶד זָאל פוּן אִיהְם נִיט אָפְּגֶעטְהוּן וֶוערֶען, אַזוֹי וִויא אִיךְ
הָאבּ עֶס אָפְּגֶעטְהוּן פוּן שָׁאוּל, וֶועמֶען אִיךְ הָאבּ אִים גַאנְצֶען אָפְּגֶעטְהוּן פָאר דִיר:
16 אוּנְד דֵיין הוֹיז אוּנְד דֵיין קֶענִיגְרֵייךְ וֶועט פָאר דִיר הָאבֶּען אַ קִיוּם אוֹיף אֵייבִּיג,
דֵיין (קֶענִיגְלִיכֶער) שְׁטוּהְל וֶועט זֵיין אָנְגֶעבְּרֵייט בִּיז אוֹיף אֵייבִּיג: 17 נָאךְ אַלֶע דִיא
דָאזִיגֶע וֶוערְטֶער, אוּנְד נָאךְ דֶער דָאזִיגֶער גַאנְצֶער נְבוּאָה הָאט נָתָן גֶערֶעט צוּ דָוִד:
18 אוּנְד דָוִד הַמֶּלֶךְ אִיז אַרֵיינְגֶעקוּמֶען אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ אַנִידֶערְגֶעזֶעצְט פָאר גָאט,
אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, וֶוער בִּין אִיךְ, אָ הַאר גָאט? אוּנְד וָואס אִיז מֵיין הוֹיז דָאס דוּא
הָאסְט מִיךְ בִּיז דָא אַהֶער גֶעבְּרַאכְט? 19 אוּנְד דָאס אִיז נָאךְ גֶעוֶועזֶען אַ קְלֵיינֶעס אִין
דֵיינֶע אוֹיגֶען, אָ הַאר גָאט! אוּנְד דוּא הָאסְט נָאךְ גֶערֶעט וֶועגֶען דֶעם הוֹיז פוּן דֵיין
קְנֶעכְט פוּן וֵוייטֶען; אִיז דָאס נָאךְ דֶער אַרְט פוּן אַ מֶענְשׁ, אָ הַאר גָאט? 20 אוּנְד
וָואס זָאל דָוִד נָאךְ מֶעהְר צוּ דִיר רֶעדֶען? אָבֶּער דוּא קֶענְסְט דֵיין קְנֶעכְט, אָ הַאר
גָאט: 21 פוּן וֶועגֶען דֵיין וָוארְט, אוּנְד אַזוֹי וִויא עֶס אִיז אִין דֵיין הַארְץ, הָאסְט דוּא
גֶעטְהוּן דִיא דָאזִיגֶע גְדוּלָה, כְּדֵי דוּא זָאלְסְט עֶס בֶּעקַאנְט מַאכֶען צוּ דֵיין קְנֶעכְט:
22 דָארִיבֶּער בִּיזְט דוּא אַזוֹי גְרוֹיס, אָ הַאר גָאט! וָוארִין עֶס אִיז קֵיינֶער אַזוֹי וִויא דוּא,
אוּנְד עֶס אִיז נִיט דָא קֵיין גָאט חוּץ דִיר, נָאךְ אַלֶעם וָואס מִיר הָאבֶּען גֶעהֶערְט מִיט
אוּנְזֶערֶע אוֹירֶען: 23 אוּנְד וֶוער אִיז אַזוֹי וִויא דֵיין פָאלְק וִויא יִשְׂרָאֵל, אֵיין אֵיינְצִיגֶעס
פָאלְק אוֹיף דֶער עֶרְד, וָואס גָאט אִיז אַהִינְגֶעגַאנְגֶען צוּ דֶערְלֵייזֶען צוּ זִיךְ אַלְס אַ פָאלְק,
אוּנְד זִיךְ צוּ מַאכֶען אַ שֵׁם — אוּנְד צוּ אֵייךְ צוּ טְהוּן גְרוֹיסֶע אוּנְד פִירְכְטִיגֶע זַאכֶען — צוּ
דֵיין לַאנְד, פוּן וֶועגֶען דֵיין פָאלְק וָואס דוּא הָאסְט דִיר אוֹיסְדֶערְלֵייזְט אוֹיס מִצְרַיִם — פוּן
פֶעלְקֶער אוּנְד זֵייעֶרֶע גֶעטֶער: 24 אוּנְד דוּא הָאסְט צוּ דִיר אָנְגֶעבְּרֵייט דֵיין פָאלְק יִשְׂרָאֵל,
אַז עֶס זָאל צוּ דִיר זֵיין אַ פָאלְק אוֹיף אֵייבִּיג, אוּנְד דוּא אָ יְהוָֹה בִּיסְט גֶעוָוארֶען צוּ אַ
גָאט: 25 אוּנְד אַצוּנְד, אָ הַאר גָאט! דָאס וָוארְט וָואס דוּא הָאסְט גֶערֶעט וֶועגֶען

עבדך ועל־ביתו הקם עד־עולם ועשה כאשר דברת׃
26 ויגדל שמך עד־עולם לאמר יהוה צבאות אלהים על
27 ישראל ובית עבדך דוד יהיה נכון לפניך׃ כי־אתה יהוה
צבאות אלהי ישראל גליתה את־אזן עבדך לאמר בית
אבנה־לך על־כן מצא עבדך את־לבו להתפלל אליך את־
28 התפלה הזאת׃ ועתה ׀ אדני יהוה אתה־הוא האלהים
ודבריך יהיו אמת ותדבר אל־עבדך את־הטובה הזאת׃
29 ועתה הואל וברך את־בית עבדך להיות לעולם לפניך כי־
אתה אדני יהוה דברת ומברכתך יברך בית־עבדך לעולם׃

ח

א ויהי אחרי־כן ויך דוד את־פלשתים ויכניעם ויקח דוד
2 את־מתג האמה מיד פלשתים׃ ויך את־מואב וימדדם
בחבל השכב אותם ארצה וימדד שני־חבלים להמית
ומלא החבל להחיות ותהי מואב לדוד לעבדים נשאי
3 מנחה׃ ויך דוד את־הדדעזר בן־רחב מלך צובה בלכתו
4 להשיב ידו בנהר׃ וילכד דוד ממנו אלף ושבע־
מאות פרשים ועשרים אלף איש רגלי ויעקר דוד את־
ה כל־הרכב ויותר ממנו מאה רכב׃ ותבא ארם דמשק
לעזר להדדעזר מלך צובה ויך דוד בארם עשרים־
6 ושנים אלף איש׃ וישם דוד נצבים בארם דמשק ותהי
ארם לדוד לעבדים נושאי מנחה ויושע יהוה את־דוד
7 בכל אשר הלך׃ ויקח דוד את שלטי הזהב אשר היו
8 אל עבדי הדדעזר ויביאם ירושלם׃ ומבטח ומברתי
ערי הדדעזר לקח המלך דוד נחשת הרבה מאד׃
9 וישמע תעי מלך חמת כי הכה דוד את כל־חיל הדדעזר׃
י וישלח תעי את־יורם־בנו אל־המלך דוד לשאל־לו
לשלום ולברכו על אשר נלחם בהדדעזר ויכהו כי־

דיין קנעכט, אונד וועגען זיין הויז, זייא עס מקים אויף אייביג, אונד טהוא עס אזוי וויא דוא האסט גערעט: 26 אונד לאז דיין נאמען גרויס ווערען אויף אייביג אזוי צו זאגען, יהוה צבאות איז דער גאט איבער ישראל. אונד אזוי וועט דאס הויז פון דיין קנעכט דוד זיין אנגעבּרייט פאר דיר: 27 וואָרין דוא יהוה צבאות ביזט דער גאט פון ישראל, דוא האסט עס אנטפּלעקט צו דעם אויער פון דיין קנעכט אזוי צו זאגען, דיר וויל איך איין הויז, (אדער מלכות) אויפבויען, דארום האט דיין קנעכט געפונען אין זיין הארץ צו בעטען דאס דאזיגע געבעט: 28 אונד אצונד, אָ האר גאט! דוא ביזט דער גאט, אונד דיינע ווערטער זענען אמת, אונד דוא האסט גערעט וועגען דיין קנעכט דאס דאזיגע גוטע: 29 אונד אצונד לאז עס דיר וואוילגעפאלען, אונד בענש דאס הויז פון דיין קנעכט, עס זאל פאר דיר זיין אויף אייביג, וואָרין דוא אָ האר גאט, האסט עס גערעט! אונד פון דיינע ברכה זאל געבענשט ווערען דאס הויז פון דיין קנעכט אויף אייביג:

## קאפּיטעל ח

1 אונד עס איז געוועזען נאכדעם, אזוי האט דוד געשלאגען דיא פּלשתים אונד ער האט זייא אונטערטעניגט געמאכט, אונד דוד האט אוועקגענומען מתג אמה (דאס איז גת) אויס דער האנד פון דיא פּלשתים: 2 אונד ער האט געשלאגען מואב אונד ער האט זייא געמאסטען מיט א שנור, ער האט זייא ארופגעלייגט אויף דער ערד, אונד ער האט זייא געמאסטען מיט צווייא שנירען כדי זייא צו טייטען, אונד א פולע שנור לעבען צו לאזען, אונד אזוי איז מואב געוועזען צו דוד אלס א קנעכט, זייא האבען געטראגען מתנות: 3 אונד דוד האט געשלאגען הדדעזר זוהן פון רחוב קעניג פון צובה, ווען ער איז אהינגעגאנגען כדי צוריקצוקעהרען זיינע גרענעץ בייא דעם טייך פּרת: 4 אונד דוד האט פון איהם איינגענומען טויזענד אונד זיבען הונדערט רייטער, אונד צוואנציג טויזענד מאן פוס־גייערס, אונד דוד האט פערטילגט אלע רייטוועגען, אונד ער האט נאר פון זייא איבערגעלאזט הונדערט רייטוועגען: 5 אונד ווען ארם דמשק איז געקומען צו העלפען הדרעזר קעניג פון צובה, אזוי האט דוד געשלאגען אין ארם צווייא אונד צוואנציג טויזענד מאן: 6 אונד דוד האט געמאכט אנגעשטעלטע אין ארם דמשק, אונד אזוי איז ארם געוועזען צו דוד אלס קנעכט, אונד זייא האבען געבראכט מתנות, אונד גאט האט געהאלפען דוד אלערטוועגען אוואו ער איז אהינגעגאנגען: 7 אונד דוד האט גענומען דיא גאלדענע שילדען וואס האבען געהערט צו דיא קנעכט פון הדרעזר, אונד ער האט זייא געבראכט קיין ירושלים: 8 אונד פון בטח, אונד פון ברותי, דיא שטעט פון הדרעזר האט דוד המלך אוועקגענומען זעהר פיל קופּער: 9 אונד ווען תעי קעניג פון חמת האט געהערט אז דוד האט געשלאגען דאס חיל פון הדרעזר: 10 אזוי האט תעי אהינגעשיקט זיין זוהן יורם צו דוד המלך, איהם צו בעטען אום שלום אונד ער זאל איהם בענשען, ווייל ער האט מלחמה געהאלטען מיט הדרעזר, אונד ער האט איהם געשלאגען, וואָרין

איש מלחמות תעי היה הדדעזר ובידו היו כלי־כסף וכלי־
זהב וכלי נחשת: גם־אתם הקדיש המלך דוד ליהוה עם־ 11
הכסף והזהב אשר הקדיש מכל־הגוים אשר כבש:
מארם וממואב ומבני עמון ומפלשתים ומעמלק ומשלל 12
הדדעזר בן־רחב מלך צובה: ויעש דוד שם בשבו 13
מהכותו את־ארם בגיא־מלח שמונה עשר אלף: וישם 14
באדום נצבים בכל־אדום שם נצבים ויהי כל־אדום
עבדים לדוד ויושע יהוה את־דוד בכל אשר הלך: וימלך טו
דוד על־כל־ישראל ויהי דוד עשה משפט וצדקה לכל־
עמו: ויואב בן־צרויה על־הצבא ויהושפט בן־אחילוד 16
מזכיר: וצדוק בן־אחיטוב ואחימלך בן־אביתר כהנים 17
ושריה סופר: ובניהו בן־יהוידע והכרתי והפלתי ובני 18
דוד כהנים היו:

ט ט

ויאמר דוד הכי יש־עוד אשר נותר לבית שאול ואעשה א
עמו חסד בעבור יהונתן: ולבית שאול עבד ושמו 2
ציבא ויקראו־לו אל־דוד ויאמר המלך אליו האתה
ציבא ויאמר עבדך: ויאמר המלך האפס עוד איש 3
לבית שאול ואעשה עמו חסד אלהים ויאמר ציבא
אל־המלך עוד בן ליהונתן נכה רגלים: ויאמר־לו המלך 4
איפה הוא ויאמר ציבא אל־המלך הנה־הוא בית מכיר
בן־עמיאל בלו דבר: וישלח המלך דוד ויקחהו מבית ה
מכיר בן־עמיאל מלו דבר: ויבא מפיבשת בן־יהונתן 6
בן־שאול אל־דוד ויפל על־פניו וישתחו ויאמר דוד
מפיבשת ויאמר הנה עבדך: ויאמר לו דוד אל־תירא 7
כי עשה אעשה עמך חסד בעבור יהונתן אביך והשבתי
לך את־כל־שדה שאול אביך ואתה תאכל לחם על־
שלחני תמיד: וישתחו ויאמר מה עבדך כי פנית אל־ 8

תועי האט אימער מלחמה געהאלטען מיט הדדעזר, אונד ער (יורם) האט געהאט אין זיינע האנד זילבערנע כלים, אונד גאלדענע כלים אונד קופערנע כלים: 11 אויך זייא האט דוד המלך געהייליגט צו גאט, מיט דעם זילבער אונד גאלד וואס ער האט געהייליגט, וואס ער האט איינגענומען פון אלע פעלקער: 12 פון ארם, אונד פון מואב, אונד פון דיא בני עמון, אונד פון דיא פלשתים, אונד פון עמלק, אונד פון דעם זאקרויב פון הדדעזר זוהן פון רחוב קעניג פון צובה: 13 אונד דוד האט זיך געמאכט א (גוטען) שם ווען ער איז צוריקגעקומען פון זיין שלאגען דעם ארם אין גיא־מלח, אכצעהן טויזענד מאן: 14 אונד ער האט געמאכט אנגעשטעלטע אין אדום; אין גאנץ אדום האט ער געמאכט אנגעשטעלטע, אונד גאנץ אדום זענען געווארען קנעכט צו דוד. אונד גאט האט דוד געהאלפען אלערטוועגען אוואו ער איז אהינגעגאנגען: 15 אונד דוד האט רעגירט איבער גאנץ ישראל, אונד דוד האט געטהון משפט אונד צדקה צו זיין גאנצעם פאלק: 16 אונד יואב זוהן פון צרויה איז געוועזען איבער דעם חיל, אונד יהושפט זוהן פון אחילוד איז געוועזען דער דערמאנער: 17 אונד צדוק זוהן פון אחיטוב, אונד אחימלך זוהן פון אביתר זענען געוועזען כהנים, אונד שריה דער סופר: 18 אונד בניהו זוהן פון יהוידע, (איז געוועזען) איבער דיא כרתי אונד דיא פלתי; אונד דיא זיהן פון דוד זענען געוועזען כהנים:

## קאפיטעל ט

1 אונד דוד האט געזאגט, איז נאך אימיצער דא וואס איז איבערגעבליבען פון דעם הויזגעזינד פון שאול, אז איך זאל אן איהם טהון חסד וועגען יהונתן? 2 אונד עס איז געוועזען צו דעם הויזגעזינד פון שאול א קנעכט, אונד זיין נאמען איז געוועזען ציבא, אונד מען האט איהם פארגערופען צו דוד, אונד דער מלך האט צו איהם געזאגט, ביזט דוא ציבא? אונד ער האט געזאגט, (איך בין) דיין קנעכט: 3 אונד דער מלך האט געזאגט, איז דען ניט נאך דא א מאן פון דעם הויזגעזינד פון שאול, אז איך זאל מיט איהם טהון חסד פון גאט? אונד ציבא האט געזאגט צו דעם מלך, עס איז נאך דא א זוהן פון יהונתן, וואס איז לאהם אויף דיא פיס: 4 אונד דער מלך האט צו איהם געזאגט, אוואו איז ער? אונד ציבא האט געזאגט צו דעם מלך, זעה, ער איז אין דעם הויז פון מכיר זוהן פון עמיאל, אין לו־דבר: 5 אזוי האט דוד המלך אהינגעשיקט אונד האט איהם געלאזט נעמען פון דעם הויז פון מכיר זוהן פון עמיאל אוים לו־דבר: 6 אונד ווען מפיבשת זוהן פון יהונתן, זוהן פון שאול איז געקומען צו דוד, אזוי איז ער געפאלען אויף זיין פנים אונד ער האט זיך געביקט; אונד דוד האט געזאגט, מפיבשת; אונד ער האט געזאגט, זעה דיין קנעכט: 7 אונד דוד האט צו איהם געזאגט, האב ניט קיין מורא, וואריין איך וועל געוויס טהון חסד מיט דיר וועגען דיין פאטער יהונתן, אונד איך וועל דיר צוריקגעבען אלע פעלדער פון דיין פאטער שאול, אונד דוא זאלסט עסען ברויט בייא מיין טיש בעשטענדיג: 8 אונד ער האט זיך געביקט אונד ער האט געזאגט, וואס איז דיין קנעכט, אז דוא זאלסט דיך קעהרען צו

9 הַכֶּלֶב הַמֵּת אֲשֶׁר כָּמוֹנִי׃ וַיִּקְרָא הַמֶּלֶךְ אֶל־צִיבָא נַעַר
שָׁאוּל וַיֹּאמֶר אֵלָיו כֹּל אֲשֶׁר הָיָה לְשָׁאוּל וּלְכָל־בֵּיתוֹ נָתַתִּי
י לְבֶן־אֲדֹנֶיךָ׃ וְעָבַדְתָּ לּוֹ אֶת־הָאֲדָמָה אַתָּה וּבָנֶיךָ וַעֲבָדֶיךָ
וְהֵבֵאתָ וְהָיָה לְבֶן־אֲדֹנֶיךָ לֶּחֶם וַאֲכָלוֹ וּמְפִיבֹשֶׁת בֶּן
אֲדֹנֶיךָ יֹאכַל תָּמִיד לֶחֶם עַל־שֻׁלְחָנִי וּלְצִיבָא חֲמִשָּׁה עָשָׂר
11 בָּנִים וְעֶשְׂרִים עֲבָדִים׃ וַיֹּאמֶר צִיבָא אֶל־הַמֶּלֶךְ כְּכֹל אֲשֶׁר
יְצַוֶּה אֲדֹנִי הַמֶּלֶךְ אֶת־עַבְדּוֹ כֵּן יַעֲשֶׂה עַבְדֶּךָ וּמְפִיבֹשֶׁת
12 אֹכֵל עַל־שֻׁלְחָנִי כְּאַחַד מִבְּנֵי הַמֶּלֶךְ׃ וְלִמְפִיבֹשֶׁת בֵּן־קָטָן
וּשְׁמוֹ מִיכָא וְכֹל מוֹשַׁב בֵּית־צִיבָא עֲבָדִים לִמְפִיבֹשֶׁת׃
13 וּמְפִיבֹשֶׁת יֹשֵׁב בִּירוּשָׁלַםִ כִּי עַל־שֻׁלְחַן הַמֶּלֶךְ תָּמִיד הוּא
אֹכֵל וְהוּא פִּסֵּחַ שְׁתֵּי רַגְלָיו׃

י

א וַיְהִי אַחֲרֵי־כֵן וַיָּמָת מֶלֶךְ בְּנֵי עַמּוֹן וַיִּמְלֹךְ חָנוּן בְּנוֹ
2 תַּחְתָּיו׃ וַיֹּאמֶר דָּוִד אֶעֱשֶׂה־חֶסֶד ׀ עִם־חָנוּן בֶּן־נָחָשׁ
כַּאֲשֶׁר עָשָׂה אָבִיו עִמָּדִי חֶסֶד וַיִּשְׁלַח דָּוִד לְנַחֲמוֹ בְּיַד
3 עֲבָדָיו אֶל־אָבִיו וַיָּבֹאוּ עַבְדֵי דָוִד אֶרֶץ בְּנֵי עַמּוֹן׃ וַיֹּאמְרוּ
שָׂרֵי בְנֵי־עַמּוֹן אֶל־חָנוּן אֲדֹנֵיהֶם הַמְכַבֵּד דָּוִד אֶת־אָבִיךָ
בְּעֵינֶיךָ כִּי־שָׁלַח לְךָ מְנַחֲמִים הֲלוֹא בַּעֲבוּר חֲקוֹר אֶת־
הָעִיר וּלְרַגְּלָהּ וּלְהָפְכָהּ שָׁלַח דָּוִד אֶת־עֲבָדָיו אֵלֶיךָ׃
4 וַיִּקַּח חָנוּן אֶת־עַבְדֵי דָוִד וַיְגַלַּח אֶת־חֲצִי זְקָנָם וַיִּכְרֹת
ה אֶת־מַדְוֵיהֶם בַּחֵצִי עַד־שְׁתוֹתֵיהֶם וַיְשַׁלְּחֵם׃ וַיַּגִּדוּ לְדָוִד
וַיִּשְׁלַח לִקְרָאתָם כִּי־הָיוּ הָאֲנָשִׁים נִכְלָמִים מְאֹד וַיֹּאמֶר
6 הַמֶּלֶךְ שְׁבוּ בִירֵחוֹ עַד־יְצַמַּח זְקַנְכֶם וְשַׁבְתֶּם׃ וַיִּרְאוּ
בְּנֵי עַמּוֹן כִּי נִבְאֲשׁוּ בְּדָוִד וַיִּשְׁלְחוּ בְנֵי־עַמּוֹן וַיִּשְׂכְּרוּ
אֶת־אֲרַם בֵּית־רְחוֹב וְאֶת־אֲרַם צוֹבָא עֶשְׂרִים אֶלֶף רַגְלִי
וְאֶת־מֶלֶךְ מַעֲכָה אֶלֶף אִישׁ וְאִישׁ טוֹב שְׁנֵים־עָשָׂר אֶלֶף
7 אִישׁ׃ וַיִּשְׁמַע דָּוִד וַיִּשְׁלַח אֶת־יוֹאָב וְאֵת כָּל־הַצָּבָא

אזוי טויטען הונד וויא איך בין? 9 אונד דער מֶלֶךְ האט גערופען צִיבָא דעם יונג פון שָׁאוּל, אונד ער האט צו איהם געזאגט, אלעס וואס האט געהערט צו שָׁאוּל אונד צו זיין גאנץ הויזגעזינד האב איך געגעבען צו דעם זוהן פון דיין האר: 10 אונד דיינע זיהן אונד דיינע קנעכט זאלען פאר איהם בעארבייטען דאס לאנד, אונד וואס דוא וועסט איינ־ברענגען, זאל געהערען צו דעם זוהן פון דיין האר אלס ברויט, אונד ער זאל עס עסען, אבער מְפִיבֹשֶׁת דער זוהן פון דיין האר זאל בעשטענדיג עסען ברויט בייא מיין טיש,—אונד צִיבָא האט געהאט פופצעהן זיהן אונד צוואנציג קנעכט: 11 אונד צִיבָא האט געזאגט צו דעם מֶלֶךְ, נאך אלעס וואס מיין האר דער קעניג וועט בעפעהלען צו זיין קנעכט, וועט דיין קנעכט טהון; אונד מְפִיבֹשֶׁת זאל עסען בייא מיין טיש וויא איינער פון דעם מֶלֶךְ׳ס זיהן: 12 אונד מְפִיבֹשֶׁת האט געהאט א קליינעס זוהן, אונד ער האט געהייסען מִיכָא, אונד אלע וואס האבען געוואוינט אין דעם הויז פון צִיבָא זענען געוועזען קנעכט צו מְפִיבֹשֶׁת: 13 אונד מְפִיבֹשֶׁת האט געוואוינט אין יְרוּשָׁלַיִם, וואָרין ער האט געגעסען בעשטענדיג בייא דעם טיש פון דעם מֶלֶךְ; ער איז אבער לאהם געוועזען אויף ביידע פיס:

## קאפיטעל י

1 אונד עס איז געוועזען נאכדעם איז דער מֶלֶךְ פון דיא בְּנֵי עַמּוֹן געשטארבען, אונד חָנוּן זיין זוהן האט רעגירט אין זיינער שטעל: 2 אונד דָוִד האט געזאגט, איך וועל טהון חֶסֶד מיט חָנוּן בֶּן נָחָשׁ, אזוי וויא זיין פאטער האט מיט מיר געטהון חֶסֶד; אונד דָוִד האט אהינגעשיקט איהם צו טרייסטען דורך זיינע קנעכט וועגען זיין פאטער. אונד דָוִד׳ס קנעכט זענען געקומען צו דעם לאנד פון דיא בְּנֵי עַמּוֹן: 3 אונד דיא הארען פון דיא בְּנֵי עַמּוֹן האבען געזאגט צו חָנוּן זייער האר, מיינסט דוא דאס דָוִד עהרט דיין פאטער אין דיינע אויגען דאס ער האט צו דיר געשיקט טרייסטער? איז עס ניט אז ער זאל אויספארשען דיא שטאט, אונד זיא צו איבערקעהרען האט דָוִד זיינע קנעכט צו דיר געשיקט: 4 אונד חָנוּן האט גענומען דיא קנעכט פון דָוִד אונד ער האט אפגעגאלעט דיא העלפט פון זיירע בערט, אונד ער האט אפגעשניטען זיירע קליידער ביז אין דיא העלפט ביז צו זיירע שאנד־טייל, אונד ער האט זיא אהינגעשיקט: 5 אונד ווען מען האט עס אנגעזאגט צו דָוִד, אזוי האט ער געשיקט זיי אנטגעגען, וואָרין דיא מענער האבען זיך זעהר געשעמט, אונד דער מֶלֶךְ האט געזאגט, בלייבט אין יְרֵחוֹ ביז אייערע בערט וועלען וואקסען, אונד דערנאך זאלט איהר צוריקקעהרען: 6 אונד ווען דיא בְּנֵי עַמּוֹן האבען געזעהען אז זייא האבען זיך פערשטינקען בייא דָוִד, אזוי האבען דיא בְּנֵי עַמּוֹן אהינגעשיקט אונד געדונגען פון אֲרַם בֵּית רְחוֹב, אונד פון אֲרַם צוֹבָא צוואנציג טויזענד פוס־גייערס, אונד פון דעם מֶלֶךְ מַעֲכָה טויזענד מאן, אונד פון אִישׁ־טוֹב צוועלף טויזענד מאן: 7 אונד ווען דָוִד האט דערפון געהערט, אזוי האט ער אהינגעשיקט יוֹאָב אונד דאס גאנצע חַיִל,

הַגִּבּוֹרִים׃ וַיֵּצְאוּ בְּנֵי עַמּוֹן וַיַּעַרְכוּ מִלְחָמָה פֶּתַח הַשָּׁעַר 8
וַאֲרַם צוֹבָא וּרְחוֹב וְאִישׁ־טוֹב וּמַעֲכָה לְבַדָּם בַּשָּׂדֶה׃
וַיַּרְא יוֹאָב כִּי־הָיְתָה אֵלָיו פְּנֵי הַמִּלְחָמָה מִפָּנִים וּמֵאָחוֹר 9
וַיִּבְחַר מִכֹּל בְּחוּרֵי בְּיִשְׂרָאֵל וַיַּעֲרֹךְ לִקְרַאת אֲרָם׃ וְאֵת י
יֶתֶר הָעָם נָתַן בְּיַד אַבְשַׁי אָחִיו וַיַּעֲרֹךְ לִקְרַאת בְּנֵי עַמּוֹן׃
וַיֹּאמֶר אִם־תֶּחֱזַק אֲרָם מִמֶּנִּי וְהָיְתָה לִּי לִישׁוּעָה וְאִם־ 11
בְּנֵי עַמּוֹן יֶחֶזְקוּ מִמְּךָ וְהָלַכְתִּי לְהוֹשִׁיעַ לָךְ׃ חֲזַק וְנִתְחַזַּק 12
בְּעַד עַמֵּנוּ וּבְעַד עָרֵי אֱלֹהֵינוּ וַיהוָה יַעֲשֶׂה הַטּוֹב בְּעֵינָיו׃
וַיִּגַּשׁ יוֹאָב וְהָעָם אֲשֶׁר עִמּוֹ לַמִּלְחָמָה בַּאֲרָם וַיָּנֻסוּ 13
מִפָּנָיו׃ וּבְנֵי עַמּוֹן רָאוּ כִּי־נָס אֲרָם וַיָּנֻסוּ מִפְּנֵי אֲבִישַׁי 14
וַיָּבֹאוּ הָעִיר וַיָּשָׁב יוֹאָב מֵעַל בְּנֵי עַמּוֹן וַיָּבֹא יְרוּשָׁלִָם׃
וַיַּרְא אֲרָם כִּי נִגַּף לִפְנֵי יִשְׂרָאֵל וַיֵּאָסְפוּ יָחַד׃ וַיִּשְׁלַח טו 16
הֲדַדְעֶזֶר וַיֹּצֵא אֶת־אֲרָם אֲשֶׁר מֵעֵבֶר הַנָּהָר וַיָּבֹאוּ
חֵילָם וְשׁוֹבַךְ שַׂר־צְבָא הֲדַדְעֶזֶר לִפְנֵיהֶם׃ וַיֻּגַּד לְדָוִד 17
וַיֶּאֱסֹף אֶת־כָּל־יִשְׂרָאֵל וַיַּעֲבֹר אֶת־הַיַּרְדֵּן וַיָּבֹא חֵלָאמָה
וַיַּעַרְכוּ אֲרָם לִקְרַאת דָּוִד וַיִּלָּחֲמוּ עִמּוֹ׃ וַיָּנָס אֲרָם 18
מִפְּנֵי יִשְׂרָאֵל וַיַּהֲרֹג דָּוִד מֵאֲרָם שְׁבַע מֵאוֹת רֶכֶב וְאַרְבָּעִים
אֶלֶף פָּרָשִׁים וְאֵת שׁוֹבַךְ שַׂר־צְבָאוֹ הִכָּה וַיָּמָת שָׁם׃
וַיִּרְאוּ כָל־הַמְּלָכִים עַבְדֵי הֲדַדְעֶזֶר כִּי נִגְּפוּ לִפְנֵי יִשְׂרָאֵל 19
וַיַּשְׁלִמוּ אֶת־יִשְׂרָאֵל וַיַּעַבְדוּם וַיִּרְאוּ אֲרָם לְהוֹשִׁיעַ עוֹד
אֶת־בְּנֵי עַמּוֹן׃

## יא

יא
וַיְהִי לִתְשׁוּבַת הַשָּׁנָה לְעֵת ׀ צֵאת הַמְּלָאכִים וַיִּשְׁלַח א
דָּוִד אֶת־יוֹאָב וְאֶת־עֲבָדָיו עִמּוֹ וְאֶת־כָּל־יִשְׂרָאֵל וַיַּשְׁחִתוּ
אֶת־בְּנֵי עַמּוֹן וַיָּצֻרוּ עַל־רַבָּה וְדָוִד יוֹשֵׁב בִּירוּשָׁלִָם׃
וַיְהִי ׀ לְעֵת הָעֶרֶב וַיָּקָם דָּוִד מֵעַל מִשְׁכָּבוֹ וַיִּתְהַלֵּךְ עַל־ 2
גַּג בֵּית־הַמֶּלֶךְ וַיַּרְא אִשָּׁה רֹחֶצֶת מֵעַל הַגָּג וְהָאִשָּׁה טוֹבַת

דיא גִבּוֹרִים׃ 8 אוּנְד דיא בְּנֵי עַמּוֹן זֶענֶען אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זִיךְ אָנְגֶעבְּרֵייט צוּ דֶער מִלְחָמָה אַן דֶער טְהִיר פוּן דֶעם טוֹיעֶר, אוּנְד אֲרַם צוֹבָא, אוּנְד רְחוֹב, אוּנְד אִישׁ־טוֹב, אוּנְד מַעֲכָה זֶענֶען אַלֵיין גֶעוֶועזֶען אוֹיף דֶעם פֶעלְד׃ 9 אוּנְד וֶוען יוֹאָב הָאט גֶעזֶעהֶען אַז דָאס פָּנִים פוּן דֶער מִלְחָמָה אִיז קֶעגֶען אִיהְם גֶעוֶועזֶען פוּן פָארְנְט אוּנְד פוּן הִינְטֶען, אַזוֹי הָאט עֶר אוֹיסְגֶעקְלִיבֶּען פוּן אַלֶע אוֹיסְדֶערְוֶוײלְטֶע פוּן יִשְׂרָאֵל, אוּנְד עֶר הָאט זֵייא אָנְגֶעריכְט קֶעגֶען אֲרַם׃ 10 אוּנְד דָאס אִיבְּרִיגֶע פוּן דֶעם פָאלְק הָאט עֶר אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען אִין דִיא הַאנְד פוּן אֲבִישַׁי זֵיין בְּרוּדֶער, אוּנְד עֶר הָאט זֵייא אָנְגֶע־ רִיכְטֶעט קֶעגֶען דִיא בְּנֵי עַמּוֹן׃ 11 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, וֶוען אֲרַם וֶועט שְׁטַארְ־ קֶער זֵיין פוּן מִיר אַזוֹי זָאלְסְט דוּא מִיר הֶעלְפֶען, אוּנְד וֶוען דִיא בְּנֵי עַמּוֹן וֶועלֶען שְׁטַארְקֶער זֵיין פוּן דִיר, אַזוֹי וֶועל אִיךְ אַהִינְגֵיין אוּנְד דִיר הֶעלְפֶען׃ 12 לָאמֶער אוּנְס שְׁטַארְקֶען וֶועגֶען אוּנְזֶער פָאלְק אוּנְד וֶועגֶען דִיא שְׁטֶעט פוּן אוּנְזֶער גָאט, אוּנְד לָאז גָאט טְהוּן וָואס אִיז ווָאוֹילְ־ גֶעפֶעלִיג אִין זֵיינֶע אוֹיגֶען׃ 13 אוּנְד יוֹאָב אוּנְד דָאס פָאלְק וָואס אִיז מִיט אִיהְם גֶעוֶועזֶען הָאט זִיךְ גֶענֶעהֶנְט צוּ דֶער מִלְחָמָה קֶעגֶען אֲרַם, אוּנְד זֵייא זֶענֶען פָאר אִיהְם אַנְטְלָאפֶען׃ 14 אוּנְד וֶוען דִיא בְּנֵי עַמּוֹן הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען אַז אֲרַם אִיז אַנְטְלָאפֶען, אַזוֹי זֶענֶען זֵייא (אוֹיךְ) אַנְטְלָאפֶען פָאר אֲבִישַׁי, אוּנְד זֵייא זֶענֶען אַרֵיינְגֶעקוּמֶען אִין דִיא שְׁטָאט; אַזוֹי אִיז יוֹאָב צוּרִיקְגֶעקֶעהְרְט פוּן דִיא בְּנֵי עַמּוֹן, אוּנְד עֶר אִיז אָנְגֶעקוּמֶען אִין יְרוּשָׁלַיִם׃ 15 אוּנְד וֶוען אֲרַם הָאט גֶעזֶעהֶען אַז זֵייא זֶענֶען גֶעשְׁלָאגֶען גֶעוָוארֶען פָאר יִשְׂרָאֵל, אַזוֹי הָאבֶּען זֵייא זִיךְ פֶערְזַאמֶעלְט׃ 16 אַזוֹי הָאט הֲדַדְעֶזֶר אַהִינְגֶעשִׁיקְט אוּנְד עֶר הָאט אַרוֹיסְגֶעבְּרַאכְט אֲרַם וָואס אִיז אוֹיף דֶער אַנְדֶערֶע זֵייט פוּן דֶעם טֵייךְ, אוּנְד זֵייא זֶענֶען גֶעקוּמֶען קֵיין חֵילָם, אוּנְד שׁוֹבַךְ דֶער הוֹיפְּטְמַאן פוּן הֲדַדְעֶזֶר אִיז פָאר זֵייא גֶעגַאנְגֶען׃ 17 אוּנְד וֶוען מֶען הָאט דָאס אָנְגֶעזָאגְט צוּ דָוִד, אַזוֹי הָאט עֶר פֶערְזַאמֶעלְט גַאנְץ יִשְׂרָאֵל, אוּנְד עֶר אִיז אַרִיבֶּערְגֶעגַאנְגֶען אִיבֶּער דֶעם יַרְדֵּן, אוּנְד גֶעקוּמֶען קֵיין חֵילָם, אוּנְד אֲרַם הָאט זִיךְ אָנְגֶעבְּרֵייט קֶעגֶען דָוִד, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען מִיט אִיהְם מִלְחָמָה גֶעהַאלְטֶען׃ 18 אוּנְד אֲרַם אִיז אַנְטְלָאפֶען פָאר יִשְׂרָאֵל, אוּנְד דָוִד הָאט גֶעהַרְגֶעט פוּן דִיא לֵייט פוּן אֲרַם זִיבֶּען הוּנְדֶערְט (לֵייט פוּן דִיא) רֵייט־וֶועגֶען, אוּנְד פִירְצִיג טוֹיזֶענְד רֵייטֶער, אוּנְד שׁוֹבַךְ זֵיין הוֹיפְּטְמַאן הָאט עֶר גֶעשְׁלָאגֶען, אוּנְד עֶר אִיז דָארְט גֶעשְׁטָארְבֶּען׃ 19 אוּנְד וֶוען אַלֶע מְלָכִים וָואס זֶענֶען גֶעוֶועזֶען קְנֶעכְט צוּ הֲדַדְעֶזֶר הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען אַז זֵייא זֶענֶען גֶעשְׁלָאגֶען גֶעוָוארֶען פָאר יִשְׂרָאֵל, אַזוֹי הָאבֶּען זֵייא שָׁלוֹם גֶעמַאכְט מִיט יִשְׂרָאֵל, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זֵייא גֶעדִינְט, אוּנְד דִיא לֵייט פוּן אֲרַם הָאבֶּען מוֹרָא גֶעהַאט נָאכְאַמָאל צוּ הֶעלְפֶען דִיא בְּנֵי עַמּוֹן׃

## קאפיטעל יא

1 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אִין אַ יָאהְר אַרוּם, צוּ דֶער צֵייט וֶוען דִיא מְלָכִים גֵייעֶן אַרוֹיס (צוּ דֶער מִלְחָמָה), הָאט דָוִד גֶעשִׁיקְט יוֹאָב אוּנְד מִיט אִיהְם זֵיינֶע קְנֶעכְט, אוּנְד גַאנְץ יִשְׂרָאֵל, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען פֶערְדָארְבֶּען דִיא בְּנֵי עַמּוֹן, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען בֶּע־ לֶאגֶערְט רַבָּה, אוּנְד דָוִד הָאט גֶעוואוֹינְט אִין יְרוּשָׁלַיִם׃ 2 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען צוּ דֶער אָבֶענְד־צֵייט, אַזוֹי אִיז דָוִד אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען פוּן זֵיין גֶעלֶעגֶער, אוּנְד עֶר אִיז אַרוּמְגֶעגַאנְגֶען אוֹיף דֶעם דַאךְ פוּן דֶעם קֶענִיגְלִיכֶען הוֹיז, אוּנְד עֶר הָאט גֶע־ זֶעהֶען פוּן דֶעם דַאךְ אַז אַ פְרוֹיא הָאט זִיךְ גֶעוַואשֶׁען, אוּנְד דִיא פְרוֹיא אִיז זֶעהְר

שיין

3 מַרְאֶה מְאֹד: וַיִּשְׁלַח דָּוִד וַיִּדְרֹשׁ לָאִשָּׁה וַיֹּאמֶר הֲלוֹא
4 זֹאת בַּת־שֶׁבַע בַּת־אֱלִיעָם אֵשֶׁת אוּרִיָּה הַחִתִּי: וַיִּשְׁלַח
דָּוִד מַלְאָכִים וַיִּקָּחֶהָ וַתָּבוֹא אֵלָיו וַיִּשְׁכַּב עִמָּהּ וְהִיא
ה מִתְקַדֶּשֶׁת מִטֻּמְאָתָהּ וַתָּשָׁב אֶל־בֵּיתָהּ: וַתַּהַר הָאִשָּׁה
6 וַתִּשְׁלַח וַתַּגֵּד לְדָוִד וַתֹּאמֶר הָרָה אָנֹכִי: וַיִּשְׁלַח דָּוִד אֶל־
יוֹאָב שְׁלַח אֵלַי אֶת־אוּרִיָּה הַחִתִּי וַיִּשְׁלַח יוֹאָב אֶת־אוּרִיָּה
7 אֶל־דָּוִד: וַיָּבֹא אוּרִיָּה אֵלָיו וַיִּשְׁאַל דָּוִד לִשְׁלוֹם יוֹאָב
8 וְלִשְׁלוֹם הָעָם וְלִשְׁלוֹם הַמִּלְחָמָה: וַיֹּאמֶר דָּוִד לְאוּרִיָּה
רֵד לְבֵיתְךָ וּרְחַץ רַגְלֶיךָ וַיֵּצֵא אוּרִיָּה מִבֵּית הַמֶּלֶךְ וַתֵּצֵא
9 אַחֲרָיו מַשְׂאַת הַמֶּלֶךְ: וַיִּשְׁכַּב אוּרִיָּה פֶּתַח בֵּית הַמֶּלֶךְ
י אֵת כָּל־עַבְדֵי אֲדֹנָיו וְלֹא יָרַד אֶל־בֵּיתוֹ: וַיַּגִּדוּ לְדָוִד
לֵאמֹר לֹא־יָרַד אוּרִיָּה אֶל־בֵּיתוֹ וַיֹּאמֶר דָּוִד אֶל־אוּרִיָּה
11 הֲלוֹא מִדֶּרֶךְ אַתָּה בָא מַדּוּעַ לֹא־יָרַדְתָּ אֶל־בֵּיתֶךָ: וַיֹּאמֶר
אוּרִיָּה אֶל־דָּוִד הָאָרוֹן וְיִשְׂרָאֵל וִיהוּדָה יֹשְׁבִים בַּסֻּכּוֹת
וַאדֹנִי יוֹאָב וְעַבְדֵי אֲדֹנִי עַל־פְּנֵי הַשָּׂדֶה חֹנִים וַאֲנִי אָבוֹא
אֶל־בֵּיתִי לֶאֱכֹל וְלִשְׁתּוֹת וְלִשְׁכַּב עִם־אִשְׁתִּי חַיֶּךָ וְחֵי
12 נַפְשֶׁךָ אִם־אֶעֱשֶׂה אֶת־הַדָּבָר הַזֶּה: וַיֹּאמֶר דָּוִד אֶל־
אוּרִיָּה שֵׁב בָּזֶה גַּם־הַיּוֹם וּמָחָר אֲשַׁלְּחֶךָּ וַיֵּשֶׁב אוּרִיָּה
13 בִירוּשָׁלַ͏ִם בַּיּוֹם הַהוּא וּמִמָּחֳרָת: וַיִּקְרָא־לוֹ דָוִד וַיֹּאכַל
לְפָנָיו וַיֵּשְׁתְּ וַיְשַׁכְּרֵהוּ וַיֵּצֵא בָעֶרֶב לִשְׁכַּב בְּמִשְׁכָּבוֹ עִם־
14 עַבְדֵי אֲדֹנָיו וְאֶל־בֵּיתוֹ לֹא יָרָד: וַיְהִי בַבֹּקֶר וַיִּכְתֹּב דָּוִד סֵפֶר
טו אֶל־יוֹאָב וַיִּשְׁלַח בְּיַד אוּרִיָּה: וַיִּכְתֹּב בַּסֵּפֶר לֵאמֹר הָבוּ
אֶת־אוּרִיָּה אֶל־מוּל פְּנֵי הַמִּלְחָמָה הַחֲזָקָה וְשַׁבְתֶּם מֵאַחֲרָיו
16 וְנִכָּה וָמֵת: וַיְהִי בִּשְׁמוֹר יוֹאָב אֶל־הָעִיר וַיִּתֵּן אֶת־אוּרִיָּה
17 אֶל־הַמָּקוֹם אֲשֶׁר יָדַע כִּי אַנְשֵׁי־חַיִל שָׁם: וַיֵּצְאוּ אַנְשֵׁי
הָעִיר וַיִּלָּחֲמוּ אֶת־יוֹאָב וַיִּפֹּל מִן־הָעָם מֵעַבְדֵי דָוִד וַיָּמָת
18 גַּם אוּרִיָּה הַחִתִּי: וַיִּשְׁלַח יוֹאָב וַיַּגֵּד לְדָוִד אֶת כָּל־דִּבְרֵי

שיין געוועזען: 3 אונד דוד האט גע־שיקט נאכצופרעגען וועגען דער פרויא, אונד מען האט געזאגט, איז ניט דיא דאזיגע בת־שבע, דיא טאכטער פון אליעם, דאס ווייב פון אוריה החתי? 4 אונד דוד האט אהינגעשיקט שלוחים אונד האט זיא געלאזט נעמען, אונד ער איז צו איהר אריינגעקומען אונד האט מיט איהר געלעגען; ווארין זיא האט זיך גערייניגט פון איהרע טמאה, אונד זיא איז צוריקגעקעהרט צו איהר הויז: 5 אונד דאס ווייב איז טראגענדיג גע־ווארען, אונד זיא האט אהינגעשיקט אונד האט עס געלאזט זאגען צו דוד, אונד זיא האט געזאגט, איך בין טראגענדיג: 6 אונד דוד האט געשיקט צו יואב, (אונד געזאגט) שיק צו מיר אוריה החתי, אזוי האט יואב געשיקט אוריה צו דוד: 7 אונד ווען אוריה איז געקומען צו דוד, אזוי האט איהם דוד געפרעגט וועגען שלום פון יואב אונד וועגען שלום פון דעם פאלק, אונד וועגען שלום פון דער מלחמה: 8 אונד דוד האט געזאגט צו אוריה, גייא אראפ צו דיין הויז, אונד וואש דיינע פיס, אונד אוריה איז ארויסגעגאנגען פון דעם מלך'ס הויז, אונד מען האט הינטער איהם געטראגען א חלק פון דעם מלך'ס סעודה: 9 אונד אוריה איז געלעגען אן דער טהיר פון דעם מלך'ס הויז, מיט אלע קנעכט פון זיין האר, אונד ער איז ניט אראפגעגאנגען צו זיין הויז: 10 אונד מען האט עס אנגעזאגט צו דוד, אזוי צו זאגען, אוריה איז ניט אראפגעגאנגען צו זיין הויז; אונד דוד האט געזאגט צו אוריה, ביזט דוא ניט געקומען פון דעם וועג? פארוואס ביזט דוא ניט אראפגעגאנגען צו דיין הויז? 11 אונד אוריה האט געזאגט צו דוד, דער ארון, אונד ישראל, אונד יהודה בלייבען אין ביידלעך, אונד מיין האר יואב, אונד דיא קנעכט פון מיין האר זענען געלאגערט אויף דעם פעלד, אונד זאל איך גיין צו מיין הויז צו עסען אונד צו טרינקען אונד ליגען מיט מיין ווייב? אזוי וויא דוא לעבסט אונד אזוי וויא דיינע זעלע לעבט אויב איך וועל טהון דיא דאזיגע זאך: 12 אונד דוד האט געזאגט צו אוריה, בלייב דאך היינט אויך דא, אונד מארגען וועל איך דיך אוועקשיקען, אזוי איז אוריה געבליבען אין ירושלים אן דעמזעלביגען טאג, אונד (אויך דעם אנדערן) מארגען: 13 אונד דוד האט איהם גערופען, אונד ער האט פאר איהם געגעסען אונד געטרונקען, אונד ער האט איהם אנגעשיכּורת, אונד אויף דער נאכט איז ער ארויסגעגאנגען זיך צו לייגען אויף זיין געלעגער מיט דיא קנעכט פון זיין האר, אבער ער איז ניט אראפגעגאנגען צו זיין הויז: 14 אונד עס איז געוועזען צו מארגענס, אזוי האט דוד געשריבען א בריף צו יואב, אונד ער האט איהם געשיקט דורך אוריה: 15 אונד ער האט געשריבען אין דעם בריף, אזוי צו זאגען, ברענגט אוריה קעגען איבער וואו דיא מלחמה איז אם שטארקסטען, אונד איהר זאלט אייך פון הינטער איהם אוועקקעהרען אז מען זאל איהם שלאגען אונד ער זאל שטארבען: 16 אונד עס איז געוועזען ווען יואב האט געהיט דיא שטאט, אזוי האט ער אוריה אהינגעשטעלט אויף דעם ארט וואס ער האט געוואוסט אז דיא חיל'ס לייט זענען דארטען: 17 אונד דיא שטאט לייט זענען ארויסגעגאנגען, אונד זייא האבען מלחמה געהאלטען מיט יואב, אונד עטליכע פון דעם פאלק פון דיא קנעכט פון דוד זענען געפאלען, אונד אוריה החתי איז אויך געשטארבען: 18 אונד יואב האט געשיקט אונד האט געלאזט אנזאגען צו דוד דיא גאנצע זאך פון

דער

הַמִּלְחָמָה׃ וַיְצַו אֶת־הַמַּלְאָךְ לֵאמֹר כְּכַלּוֹתְךָ אֵת כָּל־ 19
דִּבְרֵי הַמִּלְחָמָה לְדַבֵּר אֶל־הַמֶּלֶךְ׃ וְהָיָה אִם־תַּעֲלֶה כ
חֲמַת הַמֶּלֶךְ וְאָמַר לְךָ מַדּוּעַ נִגַּשְׁתֶּם אֶל־הָעִיר לְהִלָּחֵם
הֲלוֹא יְדַעְתֶּם אֵת אֲשֶׁר־יֹרוּ מֵעַל הַחוֹמָה׃ מִי־הִכָּה אֶת־ 21
אֲבִימֶלֶךְ בֶּן־יְרֻבֶּשֶׁת הֲלוֹא אִשָּׁה הִשְׁלִיכָה עָלָיו פֶּלַח
רֶכֶב מֵעַל הַחוֹמָה וַיָּמָת בְּתֵבֵץ לָמָּה נִגַּשְׁתֶּם אֶל־הַחוֹמָה
וְאָמַרְתָּ גַּם עַבְדְּךָ אוּרִיָּה הַחִתִּי מֵת׃ וַיֵּלֶךְ הַמַּלְאָךְ וַיָּבֹא 22
וַיַּגֵּד לְדָוִד אֵת כָּל־אֲשֶׁר שְׁלָחוֹ יוֹאָב׃ וַיֹּאמֶר הַמַּלְאָךְ אֶל־ 23
דָּוִד כִּי־גָבְרוּ עָלֵינוּ הָאֲנָשִׁים וַיֵּצְאוּ אֵלֵינוּ הַשָּׂדֶה וַנִּהְיֶה
עֲלֵיהֶם עַד־פֶּתַח הַשָּׁעַר׃ וַיֹּרְאוּ הַמּוֹרְאִים אֶל־עֲבָדֶךָ 24
מֵעַל הַחוֹמָה וַיָּמוּתוּ מֵעַבְדֵי הַמֶּלֶךְ וְגַם עַבְדְּךָ אוּרִיָּה
הַחִתִּי מֵת׃ וַיֹּאמֶר דָּוִד אֶל־הַמַּלְאָךְ כֹּה־תֹאמַר אֶל־יוֹאָב כה
אַל־יֵרַע בְּעֵינֶיךָ אֶת־הַדָּבָר הַזֶּה כִּי־כָזֹה וְכָזֶה תֹּאכַל
הֶחָרֶב הַחֲזֵק מִלְחַמְתְּךָ אֶל־הָעִיר וְהָרְסָהּ וְחַזְּקֵהוּ׃
וַתִּשְׁמַע אֵשֶׁת אוּרִיָּה כִּי־מֵת אוּרִיָּה אִישָׁהּ וַתִּסְפֹּד עַל־ 26
בַּעְלָהּ׃ וַיַּעֲבֹר הָאֵבֶל וַיִּשְׁלַח דָּוִד וַיַּאַסְפָהּ אֶל־בֵּיתוֹ 27
וַתְּהִי־לוֹ לְאִשָּׁה וַתֵּלֶד לוֹ בֵּן וַיֵּרַע הַדָּבָר אֲשֶׁר־עָשָׂה דָוִד
בְּעֵינֵי יְהוָה׃

## יב

וַיִּשְׁלַח יְהוָה אֶת־נָתָן אֶל־דָּוִד וַיָּבֹא אֵלָיו וַיֹּאמֶר לוֹ שְׁנֵי א
אֲנָשִׁים הָיוּ בְּעִיר אֶחָת אֶחָד עָשִׁיר וְאֶחָד רָאשׁ׃ לְעָשִׁיר 2
הָיָה צֹאן וּבָקָר הַרְבֵּה מְאֹד׃ וְלָרָשׁ אֵין־כֹּל כִּי אִם־ 3
כִּבְשָׂה אַחַת קְטַנָּה אֲשֶׁר קָנָה וַיְחַיֶּהָ וַתִּגְדַּל עִמּוֹ וְעִם־
בָּנָיו יַחְדָּו מִפִּתּוֹ תֹאכַל וּמִכֹּסוֹ תִשְׁתֶּה וּבְחֵיקוֹ תִשְׁכָּב
וַתְּהִי־לוֹ כְּבַת׃ וַיָּבֹא הֵלֶךְ לְאִישׁ הֶעָשִׁיר וַיַּחְמֹל לָקַחַת 4
מִצֹּאנוֹ וּמִבְּקָרוֹ לַעֲשׂוֹת לָאֹרֵחַ הַבָּא לוֹ וַיִּקַּח אֶת־כִּבְשַׂת
הָאִישׁ הָרָאשׁ וַיַּעֲשֶׂהָ לָאִישׁ הַבָּא אֵלָיו׃ וַיִּחַר־אַף דָּוִד ה

דער מִלְחָמָה: 19 אוּנד ער האט געבּאטען דעם שָׁלִיחַ אַזוֹי צוּ זאגען, ווען דוּא ווערסט ענדיגען צוּ רעדען צוּ דעם מֶלֶךְ דיא זאכען פוּן דער מִלְחָמָה: 20 אוּנד עס וועט זיין אַז דער גרימצארן פוּן דעם מֶלֶךְ וועט אוֹיפגיין, אוּנד ער וועט צוּ דיר זאגען, פַארוואס האט איהר אייך גענעהנט צוּ דער שטאט מִלְחָמָה צוּ האלטען? האט איהר דען ניט געוואוּסט אַז זייא וועלען שיסען פוּן דער מוֹיער? 21 ווער האט געשלאגען אֲבִימֶלֶךְ, זוּהן פוּן יְרֻבֶּשֶׁת? האט ניט אַ פרוֹיא אוֹיף איהם געווארפען אַ שטיק מיל־שטיין פוּן דיא מוֹיער אוּנד ער איז געשטארבען אין תֵּבֵץ? פַארוואס האט איהר אייך גענעהנט צוּ דער מוֹיער? אַזוֹי זאלסט דוּא זאגען, אוֹיך דיין קנעכט אוּרִיָּה הַחִתִּי איז געשטארבען: 22 אַזוֹי איז דער שָׁלִיחַ אַהינגעגאנגען, אוּנד ער איז געקוּמען אוּנד האט געזאגט צוּ דָוִד אַלעס וואס יוֹאָב האט צוּ איהם געשיקט: 23 אוּנד דער שָׁלִיחַ האט געזאגט צוּ דָוִד אַז דיא לייט האבען זיך איבער אוּנס געשטארקט אוּנד זייא זענען קעגען אוּנס אַרוֹיסגעגאנגען אוֹיף דעם פעלד, אוּנד מיר זענען בּייא זייא געוועזען בּיז צוּ דער טהיר פוּן דעם טוֹיער: 24 אוּנד דיא בּוֹיגען־שיסערס האבען געשאסען אוֹיף דיינע קנעכט פוּן דער מוֹיער, אוּנד עטליכע פוּן דיא קנעכט פוּן דעם מֶלֶךְ זענען געשטארבען, אוּנד דיין קנעכט אוּרִיָּה הַחִתִּי איז אוֹיך געשטארבען: 25 אוּנד דָוִד האט געזאגט צוּ דעם שָׁלִיחַ, אַזוֹי זאלסט דוּא זאגען צוּ יוֹאָב, לאז ניט דיא דאזיגע זאך איבּעל זיין אין דיינע אוֹיגען, ווארין דער סֵדֶר איז אַזוֹי אוּנד אַזוֹי, ווארין דאס שווערד פערדארבט? מאך שטארקער דיא מִלְחָמָה קעגען דער שטאט, אוּנד צוּבּרעך זיא, אוּנד שטארק (טרייסט) דוּא איהם: 26 אוּנד ווען אוּרִיָּה'ס ווייב האט געהערט אַז איהר מאן אוּרִיָּה איז געשטארבען, אַזוֹי האט זיא געקלאגט וועגען איהר מאן: 27 אוּנד ווען דיא אָבל צייט איז פַאריבּערגעגאנגען, אַזוֹי האט דָוִד אַהינגעשיקט אוּנד ער האט זיא אַריינגעבּראכט צוּ זיין הוֹיז, אוּנד זיא איז געווארען זיין ווייב, אוּנד זיא האט איהם געבּוֹירען אַ זוּהן; אָבער דיא זאך וואס דָוִד האט געטהוּן איז איבּעלגעפאלען אין דיא אוֹיגען פוּן גָאט:

## קאפיטעל יב

1 אוּנד גָאט האט געשיקט נָתָן צוּ דָוִד, אוּנד ווען ער איז צוּ איהם געקוּמען האט ער צוּ איהם געזאגט—עס זענען געוועזען צווייא מענער אין איינע שטאט, איינער איז געוועזען רייך אוּנד איינער אָרעם: 2 דער רייכער האט געהאט זעהר פיל שאף אוּנד רינדער: 3 אוּנד דער אָרעמער האט גאר ניט געהאט, נייערט אַ קליין שעפעלע וואס ער האט געקויפט, אוּנד ער האט עס דערנעהרט, אוּנד עס איז מיט איהם אוֹיפגעוואקסען אוּנד מיט זיינע קינדער צוּזאמען, פוּן זיין בּרוֹיט האט עס געגעסען אוּנד פוּן זיין כּוֹס האט עס געטרוּנקען, אוּנד עס איז געלעגען אין זיין שוֹיס, אוּנד עס איז צוּ איהם געוועזען וויא אַ טאכטער: 4 אוּנד איין אוֹרח איז געקוּמען צוּ דעם רייכען מאן, אוּנד ער האט פערשוֹינט צוּ נעמען פוּן זיינע שאף אוּנד פוּן זיינע רינדער, צוּ מאכען (אַ מאלצייט) פאר דעם אוֹרח וואס איז צוּ איהם געקוּמען, נייערט ער האט אַוועקגענוּמען דאס שעפעלע פוּן דעם אָרעמען מאן אוּנד ער האט (דערפוּן) געמאכט (אַ מאלצייט) פאר דעם מאן וואס איז צוּ איהם געקוּמען: 5 אַזוֹי האט דער צארן פוּן דָוִד געגרימט

קענען

בְּאִישׁ מְאֹד וַיֹּאמֶר אֶל־נָתָן חַי־יְהֹוָה כִּי בֶן־מָוֶת הָאִישׁ
6 הָעֹשֶׂה זֹאת׃ וְאֶת־הַכִּבְשָׂה יְשַׁלֵּם אַרְבַּעְתָּיִם עֵקֶב אֲשֶׁר
7 עָשָׂה אֶת־הַדָּבָר הַזֶּה וְעַל אֲשֶׁר לֹא־חָמָל׃ וַיֹּאמֶר
נָתָן אֶל־דָּוִד אַתָּה הָאִישׁ כֹּה־אָמַר יְהֹוָה אֱלֹהֵי יִשְׂרָאֵל
אָנֹכִי מְשַׁחְתִּיךָ לְמֶלֶךְ עַל־יִשְׂרָאֵל וְאָנֹכִי הִצַּלְתִּיךָ מִיַּד
8 שָׁאוּל׃ וָאֶתְּנָה לְךָ אֶת־בֵּית אֲדֹנֶיךָ וְאֶת־נְשֵׁי אֲדֹנֶיךָ בְּחֵיקֶךָ
וָאֶתְּנָה לְךָ אֶת־בֵּית יִשְׂרָאֵל וִיהוּדָה וְאִם־מְעָט וְאֹסִפָה
9 לְּךָ כָּהֵנָּה וְכָהֵנָּה׃ מַדּוּעַ בָּזִיתָ ׀ אֶת־דְּבַר יְהֹוָה לַעֲשׂוֹת
הָרַע בְּעֵינָו אֵת אוּרִיָּה הַחִתִּי הִכִּיתָ בַחֶרֶב וְאֶת־אִשְׁתּוֹ
לָקַחְתָּ לְּךָ לְאִשָּׁה וְאֹתוֹ הָרַגְתָּ בְּחֶרֶב בְּנֵי עַמּוֹן׃ וְעַתָּה
לֹא־תָסוּר חֶרֶב מִבֵּיתְךָ עַד־עוֹלָם עֵקֶב כִּי בְזִתָנִי וַתִּקַּח
11 אֶת־אֵשֶׁת אוּרִיָּה הַחִתִּי לִהְיוֹת לְךָ לְאִשָּׁה׃ כֹּה ׀
אָמַר יְהֹוָה הִנְנִי מֵקִים עָלֶיךָ רָעָה מִבֵּיתֶךָ וְלָקַחְתִּי אֶת־
נָשֶׁיךָ לְעֵינֶיךָ וְנָתַתִּי לְרֵעֶיךָ וְשָׁכַב עִם־נָשֶׁיךָ לְעֵינֵי
12 הַשֶּׁמֶשׁ הַזֹּאת׃ כִּי אַתָּה עָשִׂיתָ בַסָּתֶר וַאֲנִי אֶעֱשֶׂה אֶת־
13 הַדָּבָר הַזֶּה נֶגֶד כָּל־יִשְׂרָאֵל וְנֶגֶד הַשָּׁמֶשׁ׃ וַיֹּאמֶר
דָּוִד אֶל־נָתָן חָטָאתִי לַיהֹוָה וַיֹּאמֶר נָתָן אֶל־
14 דָּוִד גַּם־יְהֹוָה הֶעֱבִיר חַטָּאתְךָ לֹא תָמוּת׃ אֶפֶס כִּי־נִאֵץ
נִאַצְתָּ אֶת־אֹיְבֵי יְהֹוָה בַּדָּבָר הַזֶּה גַּם הַבֵּן הַיִּלּוֹד לְךָ
15 מוֹת יָמוּת׃ וַיֵּלֶךְ נָתָן אֶל־בֵּיתוֹ וַיִּגֹּף יְהֹוָה אֶת־הַיֶּלֶד
16 אֲשֶׁר יָלְדָה אֵשֶׁת־אוּרִיָּה לְדָוִד וַיֵּאָנַשׁ׃ וַיְבַקֵּשׁ דָּוִד אֶת־
הָאֱלֹהִים בְּעַד הַנָּעַר וַיָּצָם דָּוִד צוֹם וּבָא וְלָן וְשָׁכַב
17 אָרְצָה׃ וַיָּקֻמוּ זִקְנֵי בֵיתוֹ עָלָיו לַהֲקִימוֹ מִן־הָאָרֶץ וְלֹא
18 אָבָה וְלֹא־בָרָא אִתָּם לָחֶם׃ וַיְהִי בַּיּוֹם הַשְּׁבִיעִי וַיָּמָת
הַיָּלֶד וַיִּרְאוּ עַבְדֵי דָוִד לְהַגִּיד לוֹ ׀ כִּי־מֵת הַיֶּלֶד כִּי
אָמְרוּ הִנֵּה בִהְיוֹת הַיֶּלֶד חַי דִּבַּרְנוּ אֵלָיו וְלֹא־שָׁמַע
19 בְּקוֹלֵנוּ וְאֵיךְ נֹאמַר אֵלָיו מֵת הַיֶּלֶד וְעָשָׂה רָעָה׃ וַיַּרְא

קעגען דעם מאַן, אונד ער האָט געזאָגט צו נתן, אַזוי ווִיא גאָט לעבט, דער מאַן וואָס האָט דאָס געטהון איז חַיָב מִיתָה: 6 אונד פאַר דעם שעפּעלע זאָל ער בעצאָלען פיער מאָל אַזוי פיל, ווייל ער האָט געטהון דיא דאָזיגע זאַך, אונד ווייל ער האָט זיך ניט דערבאַרמט: 7 אונד נתן האָט געזאָגט צו דָוִד, דוא ביזט דער מאַן. אַזוי זאָגט יְהֹוָה דער גאָט פון יִשְׂרָאֵל, איך האָב דיך געזאַלבט אַלס קעניג איבער יִשְׂרָאֵל, אונד איך האָב דיך מַצִיל געוועזען פון דער האַנד פון שָׁאוּל: 8 אונד איך האָב צו דיר געגעבען דאָס הויז פון דיין האַר, אונד דיין האַר׳ס ווייבער אין דיין שוֹס, אונד איך האָב דיר געגעבען דאָס הויז יִשְׂרָאֵל אונד יְהוּדָה, אונד ווען דאָס וואָלט נאָך צו ווייניג געוועזען, אַזוי וואָלט איך דיר נאָכאַמאָל אַזוי פיל צוגעגעבען: 9 אונד פאַרוואָס האָסט דוא מְבַזֶה געוועזען דאָס וואָרט פון גאָט, צו טהון דאָס שלעכטע אין זיינע אויגען? דוא האָסט דערשלאָגען דעם אוּרִיָה הַחִתִּי דורך דעם שווערד אונד זיין ווייב האָסט דוא צו דיר גענומען פאַר אַ ווייב, אונד איהם האָסט דוא געהַרגֶעט מיט דעם שווערד פון דיא בְּנֵי־עַמּוֹן: 10 אונד אַצונד זאָל דאָס שווערד ניט אָפּגעטהון ווערען פון דיין הויז אויף אייביג, ווייל דוא האָסט מיך מְבַזֶה געוועזען אונד האָסט גענומען דאָס ווייב פון אוּרִיָה הַחִתִּי אַז זיא זאָל צו דיר זיין פאַר אַ ווייב: 11 אַזוי זאָגט גאָט, זעה איך וועל אויף דיר אויפשטעלען שלעכטעס אין דיין הויזגעזינד, אונד איך וועל אַוועקנעמען דיינע ווייבער פאַר דיינע אויגען, אונד איך וועל זייא געבען צו דיין חַבֵר, אונד ער וועט ליגען מיט דיינע ווייבער אין דעם שיין פון דיזער זון: 12 וואָרין דוא האָסט עס געטהון אים פערבאָרגענעם, אָבער איך וועל דיא דאָזיגע זאַך טהון אין דער געגענוואַרט פון גאַנץ יִשְׂרָאֵל אונד אין דער געגענוואַרט פון דער זון: 13 אונד דָוִד האָט געזאָגט צו נָתָן, איך האָב געזינדיגט קעגען גאָט — אונד נָתָן האָט געזאָגט צו דָוִד גאָט האָט אויך דיינע זינד אַוועקגעטהון; דוא וועסט ניט שטאַרבען: 14 נייערט ווייל דוא האָסט דיא פיינד אורזאַך געגעבען גאָט צו לעסטערן דורך דיא דאָזיגע זאַך, אַזוי זאָל אויך דער זוהן וואָס וועט צו דיר געבוירען ווערען געוויס שטאַרבען: 15 אונד נָתָן איז אַוועקגעגאַנגען צו זיין הויז — אונד גאָט האָט געשלאָגען דאָס קינד וואָס אוּרִיָה׳ס ווייב האָט געבוירען צו דָוִד, אונד עס איז זעהר קראַנק געוואָרען: 16 אונד דָוִד האָט געבעטען גאָט וועגען דעם יונג: אונד דָוִד האָט געפאַסט, אונד איז דיא גאַנצע נאַכט געלעגען אויף דער ערד: 17 אונד דיא עלצטע פון זיין הויז זענען אויפגעשטאַנען כְּדֵי איהם אויפצושטעלען פון דער ערד, אָבער ער האָט ניט געוואָלט, אונד ער האָט אויך ניט מיט זייא ברויט געגעסען: 18 אונד עס איז געוועזען אַן דעם זיבעטען טאָג, אַזוי איז דאָס קינד געשטאָרבען, אונד דיא קנעכט פון דָוִד האָבען מוֹרָא געהאַט איהם אָנצוזאָגען אַז דאָס קינד איז געשטאָרבען, וואָרין זייא האָבען געטראַכט, זעה ווען דאָס קינד האָט נאָך געלעבט האָבען מיר מיט איהם גערעדט אונד ער האָט ניט געוואָלט הערען צו אונזער קוֹל, אונד ווִיא וועט עס זיין ווען מיר וועלען צו איהם זאָגען אַז דאָס קינד איז געשטאָרבען, אונד ער וועט שלעכטעס טהון: 19 אונד ווען דָוִד האָט געזעהען

דוד כי עבדיו מתלחשים ויבן דוד כי־מת הילד ויאמר
דוד אל־עבדיו המת הילד ויאמרו מת: ויקם דוד כ
מהארץ וירחץ ויסך ויחלף שמלתו ויבא בית־יהוה
וישתחו ויבא אל־ביתו וישאל וישימו לו לחם ויאכל:
ויאמרו עבדיו אליו מה הדבר הזה אשר עשיתה 21
בעבור הילד חי צמת ותבך וכאשר מת הילד קמת
ותאכל לחם: ויאמר בעוד הילד חי צמתי ואבכה 22
כי אמרתי מי יודע יחנני יהוה וחי הילד: ועתה | מת 23
למה זה אני צם האוכל להשיבו עוד אני הלך אליו
והוא לא־ישוב אלי: וינחם דוד את בת־שבע אשתו 24
ויבא אליה וישכב עמה ותלד בן ויקרא את־שמו
שלמה ויהוה אהבו: וישלח ביד נתן הנביא ויקרא כה
את־שמו ידידיה בעבור יהוה: וילחם יואב ברבת 26
בני עמון וילכד את־עיר המלוכה: וישלח יואב 27
מלאכים אל־דוד ויאמר נלחמתי ברבה גם־לכדתי
את־עיר המים: ועתה אסף את־יתר העם וחנה על־ 28
העיר ולכדה פן־אלכד אני את־העיר ונקרא שמי עליה:
ויאסף דוד את־כל־העם וילך רבתה וילחם בה וילכדה: 29
ויקח את־עטרת מלכם מעל ראשו ומשקלה ככר ל
זהב ואבן יקרה ותהי על־ראש דוד ושלל העיר הוציא
הרבה מאד: ואת־העם אשר־בה הוציא וישם במגרה 31
ובחרצי הברזל ובמגזרת הברזל והעביר אותם במלכן
וכן יעשה לכל ערי בני־עמון וישב דוד וכל־העם
ירושלם:

יג יג

ויהי אחרי־כן ולאבשלום בן־דוד אחות יפה ושמה א
תמר ויאהבה אמנון בן־דוד: ויצר לאמנון להתחלות 2

אז זיינע קנעכט רעדען שטילערהייט, אזוי האט דוד פערשטאנען אז דאס קינד איז געשטארבען, אונד דוד האט געזאגט צו זיינע קנעכט, איז דאס קינד געשטארבען? אונד זייא האבען געזאגט, עס איז געשטארבען: 20 אזוי איז דוד אויפגעשטאנען פון דער ערד, אונד ער האט זיך געוואשען אונד געזאלבט אונד געוועקסעלט זיינע קליידער, אונד ער איז אריינגעקומען אין דעם הויז פון גאט אונד ער האט זיך געביקט, אונד דערנאך איז ער אריינגעקומען אין זיין הויז אונד ער האט פערלאנגט (עסען) אונד זייא האבען איהם ברויט פארגעלייגט אונד ער האט געגעסען: 21 אונד זיינע קנעכט האבען צו איהם געזאגט, וואס איז דיא דאזיגע זאך וואס דו האסט געטהון? ווייל דאס קינד האט געלעבט האסט דו געפאסט אונד געוויינט, אונד ווען דאס קינד איז געשטארבען אזוי ביזט דו אויפגעשטאנען אונד האסט ברויט געגעסען? 22 אונד ער האט געזאגט, ווען דאס קינד האט נאך געלעבט האב איך געפאסט אונד געוויינט, ווארין איך האב געטראכט, ווער ווייסט אויב גאט וועט מיך ליטזעליגען אונד וועט דאס קינד לאזען לעבען: 23 אבער אצונד ווען (דאס קינד) איז געשטארבען, פארוואס זאל איך דען פאסטען? קען איך איהם דען צוריקברענגען? איך וועל צו איהם געהן, אבער ער קען ניט צו מיר צוריקקומען: 24 אונד דוד האט געטרייסט זיין ווייב בת־שבע אונד ער איז צו איהר געקומען אונד ער איז מיט איהר געלעגען, אונד זיא האט געוואונען א זוהן, אונד ער האט גערופען זיין נאמען שלמה, אונד גאט האט איהם ליב געהאט: 25 אונד (גאט) האט אהינגעשיקט דורך נתן הנביא, אונד ער האט זיין נאמען גערופען ידידיה, וועגען דעם האר: 26 אונד יואב האט מלחמה געהאלטען אין רבת פון דיא בני עמון, אונד ער האט איינגענומען דיא קעניגליכע שטאט: 27 אונד יואב האט געשיקט שלוחים צו דוד, אונד ער האט איהם געלאזט זאגען, איך האב מלחמה געהאלטען אין רבה, אונד איך האב אויך דיא וואסער־שטאט איינגענומען: 28 אונד אצונד זאמעל איין דאס איבריגע פון דעם פאלק אונד בעלאגער דיא שטאט אונד נעם זיא איין, טאמער וועל איך דיא שטאט איינגעמען אונד זיא וועט גערופען ווערען ביי מיין נאמען: 29 אזוי האט דוד איינגעזאמעלט דאס גאנצע פאלק אונד ער איז אהינגעגאנגען קיין רבה, אונד ער האט קעגען איהר מלחמה געהאלטען, אונד ער האט זיא איינגענומען: 30 אונד ער האט ארופגענומען דיא קרוין פון דעם קאפ פון זייער קעניג, אונד איהר געוויכט איז געוועזען א צענטנער גאלד, אונד מיט טייערע שטיינער, אונד עס איז אויפגעזעצט געוועזען אויף דוד'ס קאפ, אונד ער האט ארויסגעבראכט זעהר פיל זאקרויב פון דער שטאט: 31 אונד ער האט ארויסגעבראכט דאס פאלק וואס איז אין איהר געוועזען, אונד ער האט זייא געטהון אונטער דיא זעגען אונד אונטער דיא אייזערנע דרעש־כלים, אונד מיט אייזערנע העק, אונד ער האט זייא דורכגעפיהרט דורך דעם ציגעל־פעלד, אונד אזוי האט ער געטהון צו אלע שטעט פון דיא בני עמון; אונד דוד אונד דאס גאנצע פאלק האט זיך צוריקגעקעהרט קיין ירושלים:

## קאפיטעל יג

1 אונד עס איז געוועזען נאכדעם, דאס אבשלום דוד'ס זוהן האט געהאט א שיינע שוועסטער, אונד זיא האט געהייסען תמר, אונד אמנון דוד'ס זוהן האט זיא געליבט: 2 אונד אמנון האט זיך געגרעמט ביז ער איז קראנק געווארען

בעבור תמר אחתו כי בתולה היא ויפלא בעיני אמנון
3 לעשות לה מאומה: ולאמנון רע ושמו יונדב בן־שמעה
4 אחי דוד ויונדב איש חכם מאד: ויאמר לו מדוע אתה
ככה דל בן־המלך בבקר בבקר הלוא תגיד לי ויאמר
ה לו אמנון את־תמר אחות אבשלם אחי אני אהב: ויאמר
לו יהונדב שכב על־משכבך והתחל ובא אביך לראותך
ואמרת אליו תבא נא תמר אחותי ותברני לחם ועשתה
לעיני את־הבריה למען אשר אראה ואכלתי מידה:
6 וישכב אמנון ויתחל ויבא המלך לראותו ויאמר אמנון
אל־המלך תבוא־נא תמר אחתי ותלבב לעיני שתי
7 לבבות ואברה מידה: וישלח דוד אל־תמר הביתה
8 לאמר לכי נא בית אמנון אחיך ועשי־לו הבריה: ותלך
תמר בית אמנון אחיה והוא שכב ותקח את־הבצק
9 ותלוש ותלבב לעיניו ותבשל את־הלבבות: ותקח את־
המשרת ותצק לפניו וימאן לאכול ויאמר אמנון הוציאו
כל־איש מעלי ויצאו כל־איש מעליו: ויאמר אמנון
אל־תמר הביאי הבריה החדר ואברה מידך ותקח
תמר את־הלבבות אשר עשתה ותבא לאמנון אחיה
11 החדרה: ותגש אליו לאכל ויחזק־בה ויאמר לה בואי
12 שכבי עמי אחותי: ותאמר לו אל־אחי אל־תענני כי
לא־יעשה כן בישראל אל־תעשה את־הנבלה הזאת:
13 ואני אנה אוליך את־חרפתי ואתה תהיה כאחד הנבלים
בישראל ועתה דבר־נא אל־המלך כי לא ימנעני ממך:
14 ולא אבה לשמע בקולה ויחזק ממנה ויענה וישכב
טו אתה: וישנאה אמנון שנאה גדולה מאד כי גדולה
השנאה אשר שנאה מאהבה אשר אהבה ויאמר־לה
16 אמנון קומי לכי: ותאמר לו אל־אודת הרעה הגדולה

ווענען תמר זיינע שוועסטער, וואָרין זיא איז געוועזען א בתולה, אונד עס איז שווער געוועזען אין דיא אויגען פון אמנון אז ער זאל איהר עפּעס שלעכטעס טהון: 3 אונד אמנון האט געהאט א פריינד, אונד זיין נאָמען איז געוועזען יונדב, זוהן פון שמעה דוד'ס ברידער; אונד יונדב איז געוועזען זעהר קלוג (שלעכטעס צו טהון): 4 אונד ער האט צו איהם געזאגט, פאַרוואס ביזט דוא אזוי מאגער, דוא בן מלך פון מאָרגען צו מאָרגען? ווילסט דוא עס מיר ניט זאגען? אזוי האט אמנון צו איהם געזאגט, איך האב ליב תמר, מיין ברודער אבשלום'ס שוועסטער: 5 אונד יונדב האט צו איהם געזאגט, לייג דיך אנידער אויף דיין בעט אונד מאך דיך קראנק, אונד ווען דיין פאטער וועט דיך קומען זעהען, אזוי זאלסט דוא צו איהם זאגען, איך בעט דיך, לאז דאך מיינע שוועסטער תמר קומען אונד מיר שפּייז צובערייטען, אונד זיא זאל דיא שפּייז מאכען פאר מיינע אויגען כדי איך זאל עס זעהען אונד עסען פון איהרע האנד: 6 אזוי האט זיך אמנון אנידערגעלייגט אונד קראנק געמאכט; אונד ווען דער מלך איז אריינגעקומען איהם צו זעהען, אזוי האט אמנון געזאגט צו דעם מלך, איך בעט דיך, לאז דאך מיינע שוועסטער תמר קומען אונד מיר מאכען צוויא קיכעלעך פאר מיינע אויגען, כדי איך זאל זייא עסען פון איהרע האנד: 7 אונד דוד האט אהינגעשיקט צו תמר'ס הויז אזוי צו זאגען, גייא נון צו דיין ברודער אמנון'ס הויז, אונד מאך איהם דאס עסען: 8 אזוי איז תמר אהינגעגאנגען צו דעם הויז פון איהר ברודער אמנון, אונד ער איז געלעגען, אונד זיא האט גענומען טייג אונד האט עס געקנעטען אונד זיא האט געמאכט דיא קיכעלעך פאר זיינע אויגען אונד זיא האט זייא געבאקען: 9 אונד זיא האט גענומען דיא פייערפאן אונד זיא האט עס אויסגעגאסען פאר איהם, אבער ער האט ניט געוואלט עסען, אונד אמנון האט געזאגט, לאז איטליכער מאן פון מיר ארויסגיין, אזוי איז איטליכער מאן פון איהם ארויסגעגאנגען: 10 אונד אמנון האט געזאגט צו תמר, ברענג דאס עסען אין מיין שלאף־חדר אז איך זאל עס עסען פון דיינע האנד, אזוי האט תמר גענומען דיא קיכעלעך וואס זיא האט געמאכט אונד זיא האט זייא געברענגט צו איהר ברודער אמנון אין זיין שלאף־חדר אריין: 11 אונד ווען זיא האט עס צו איהם נאהענט געבראכט צו עסען, אזוי האט ער זיא אנגעהאפּט אונד ער האט צו איהר געזאגט, קום, לייג דיך מיט מיר מיינע שוועסטער: 12 אונד זיא האט צו איהם געזאגט, ניין מיין ברודער! דוא זאלסט מיך ניט פייניגען, וואָרין א זאלכעס טאר ניט געטהון ווערען אין ישראל, דוא זאלסט ניט טהון דיא דאזיגע נארישע (שלעכטע) זאך: 13 אונד איך, אוואו זאל איך אהינגיין וועגען מיינע שאנד? אונד דוא—דוא וועסט זיין וויא איינער פון דיא שלעכטע אין ישראל; אונד אצונד רעד דאך צו דעם מלך, וואָרין ער וועט מיך ניט פון דיר אפּהאלטען: 14 אבער ער האט ניט געוואלט הערען צו איהר קול, אונד וויל ער איז געוועזען שטארקער פון איהר אזוי האט ער זיא געפּייניגט, אונד ער איז מיט איהר געלעגען: 15 דערנאך האט זיא אמנון געהאסט מיט א זעהר גרויסען האס, וואָרין דער האס מיט וואס ער האט זיא געהאסט איז גרעסער געוועזען וויא דיא ליבע מיט וועלכע ער האט זיא געליבט; אונד אמנון האט צו איהר געזאגט, שטייא אויף אונד גייא אוועק! 16 אונד זיא האט צו איהם געזאגט, וועגען דעם איז דאס דאזיגע שלעכטע גרעסער וויא דאס

אנדערע

הזאת מאחרת אשר־עשית עמי לשלחני ולא אבה
לשמע לה: ויקרא את־נערו משרתו ויאמר שלחו־נא 17
את־זאת מעלי החוצה ונעל הדלת אחריה: ועליה 18
כתנת פסים כי כן תלבשן בנות־המלך הבתולת
מעילים ויצא אותה משרתו החוץ ונעל הדלת אחריה:
ותקח תמר אפר על־ראשה וכתנת הפסים אשר עליה 19
קרעה ותשם ידה על־ראשה ותלך הלוך וזעקה:
ויאמר אליה אבשלום אחיה האמינון אחיך היה עמך כ
ועתה אחותי החרישי אחיך הוא אל־תשיתי את־לבך
לדבר הזה ותשב תמר ושממה בית אבשלום אחיה:
והמלך דוד שמע את כל־הדברים האלה ויחר לו מאד: 21
ולא־דבר אבשלום עם־אמנון למרע ועד־טוב כי־שנא 22
אבשלום את־אמנון על־דבר אשר ענה את תמר אחתו:
ויהי לשנתים ימים ויהיו גזזים לאבשלום בבעל 23
חצור אשר עם־אפרים ויקרא אבשלום לכל־בני המלך:
ויבא אבשלום אל־המלך ויאמר הנה־נא גזזים לעבדך 24
ילך־נא המלך ועבדיו עם־עבדך: ויאמר המלך אל־ כה
אבשלום אל־בני אל־נא נלך כלנו ולא נכבד עליך
ויפרץ־בו ולא־אבה ללכת ויברכהו: ויאמר אבשלום 26
ולא ילך־נא אתנו אמנון אחי ויאמר לו המלך למה
ילך עמך: ויפרץ־בו אבשלום וישלח אתו את־אמנון 27
ואת כל־בני המלך: ויצו אבשלום את־נעריו לאמר 28
ראו־נא כטוב לב־אמנון ביין ואמרתי אליכם הכו את־
אמנון והמתם אתו אל־תיראו הלוא כי אנכי צויתי
אתכם חזקו והיו לבני־חיל: ויעשו נערי אבשלום 29
לאמנון כאשר צוה אבשלום ויקמו | כל־בני המלך
וירכבו איש על־פרדו וינסו: ויהי המה בדרך והשמעה ל
באה אל־דוד לאמר הכה אבשלום את־כל־בני המלך

אנדערע, וואס דוא האסט מיט מיר געטהון, מיך אוועקצושיקען, אבער ער האט זיא ניט געוואלט צוהערען:
17 אונד ער האט גערופען זיין יונג וואס האט איהם בעדינט, אונד האט געזאגט, שיק דיא דאזיגע אוועק פון מיר אויף דער גאס, אונד פערשליס דיא טהיר הינטער איהר:
18 אונד זיא האט אויף זיך געהאט א קלייד פון פערשידענע פארבען, ווארין אזוי פלעגען זיך דעם מלך׳ס טעכטער וואס זענען געוועזען בתולות אנקליידען;--אונד זיין בעדינער האט זיא ארויסגעבראכט אויף דער גאס אונד ער האט הינטער איהר דיא טהיר פערשלאסען:
19 אונד תמר האט געטהון אש אויף איהר קאפ, אונד דאס קלייד פון פערשידענע פארבען וואס איז אויף איהר געוועזען האט זיא צוריסען, אונד זיא האט געלייגט איהרע האנד אויף איהר קאפ אונד זיא איז אוועקגעגאנגען, אזוי וויא זיא איז געגאנגען האט זיא געשריען:
20 אונד אבשלום איהר ברודער האט צו איהר געזאגט, איז דיין ברודער אמנון ביי דיר געוועזען? אונד אצונד מיינע שוועסטער שווייג שטיל, ער איז דאך דיין ברודער; נעם ניט דיא דאזיגע זאך צו דיין הארץ; אזוי איז תמר געבליבען וויא א פערוויסטע אין דעם הויז פון אבשלום איהר ברודער:
21 אונד ווען דוד המלך האט געהערט אלע דיא דאזיגע זאכען, אזוי האט זיין צארן זעהר דערגרימט:
22 אונד אבשלום האט ניט גערעט מיט אמנון וועדער שלעכטעס נאך גוטעס, ווארין אבשלום האט פיינד געהאט אמנון וועגען דעם וואס ער האט געפייניגט זיינע שוועסטער תמר:
23 אונד עס איז געוועזען אין צווייא יאהר ארום, אזוי האט אבשלום געהאט שאף שערערס אין בעל חצור, וואס איז ביי אפרים, אונד אבשלום האט איינגעלאדען אלע זיהן פון דעם מלך:
24 אונד אבשלום איז געקומען צו דעם מלך אונד ער האט געזאגט, זעה, איך בעט דיך, דיין קנעכט האט שאף שערערס, לאז דאך דער מלך אונד זיינע קנעכט גיין מיט דיין קנעכט:
25 אונד דער מלך האט געזאגט צו אבשלום, ניט אזוי מיין זוהן, לאמער ניט אלע גיין, אז עס זאל דיר ניט צו שווער זיין, אונד ער האט איהם שטארק געבעטען, אבער ער האט ניט געוואלט גיין, אונד ער האט איהם געבענשט:
26 אזוי האט אבשלום געזאגט, ווען ניט--לאז דאך מיין ברודער אמנון מיט אונס גיין, אונד דער מלך האט צו איהם געזאגט, פארוואס זאל ער מיט דיר גיין?
27 אונד ווען אבשלום האט איהם שטארק געבעטען, אזוי האט ער מיט איהם געשיקט אמנון אונד אלע זיהן פון דעם מלך:
28 אונד אבשלום האט געבאטען צו זיינע יונגען אזוי צו זאגען, בעמערקט דאך--אז ווען דאס הארץ פון אמנון וועט זיין פריילייך מיט וויין--אונד ווען איך וועל צו אייך זאגען, שלאגט אמנון אונד טייט איהם, אזוי זאלט איהר ניט קיין מורא האבען, ווארין האב איך עס אייך ניט געבאטען? שטארקט אייך אונד זייט חיל׳ס לייט:
29 אונד אבשלום׳ס יונגען האבען געטהון צו אמנון אזוי וויא אבשלום האט געבאטען. אונד אלע זיהן פון דעם מלך זענען אויפגעשטאנען, איטליכער האט גערייטען אויף זיין מויל־אייזעל אונד זייא זענען אנטלאפען:
30 אונד עס איז געוועזען ווען זייא זענען געוועזען אויף דעם וועג, אזוי איז דיא שמועה אנגעקומען צו דוד אזוי צו זאגען, אבשלום האט דערשלאגען אלע זיהן פון דעם מלך,

31 וְלֹא־נוֹתַר מֵהֶם אֶחָד׃ וַיָּקָם הַמֶּלֶךְ וַיִּקְרַע אֶת־בְּגָדָיו
32 וַיִּשְׁכַּב אָרְצָה וְכָל־עֲבָדָיו נִצָּבִים קְרֻעֵי בְגָדִים׃ וַיַּעַן
יוֹנָדָב ׀ בֶּן־שִׁמְעָה אֲחִי־דָוִד וַיֹּאמֶר אַל־יֹאמַר אֲדֹנִי אֵת
כָּל־הַנְּעָרִים בְּנֵי־הַמֶּלֶךְ הֵמִיתוּ כִּי־אַמְנוֹן לְבַדּוֹ מֵת כִּי־
עַל־פִּי אַבְשָׁלוֹם הָיְתָה שׂימָה מִיּוֹם עַנֹּתוֹ אֵת תָּמָר אֲחֹתוֹ׃
33 וְעַתָּה אַל־יָשֵׂם אֲדֹנִי הַמֶּלֶךְ אֶל־לִבּוֹ דָּבָר לֵאמֹר כָּל־
34 בְּנֵי הַמֶּלֶךְ מֵתוּ כִּי־אִם אַמְנוֹן לְבַדּוֹ מֵת׃ וַיִּבְרַח אַבְשָׁלוֹם
וַיִּשָּׂא הַנַּעַר הַצֹּפֶה אֶת־עֵינָו וַיַּרְא וְהִנֵּה עַם־רַב הֹלְכִים
לה מִדֶּרֶךְ אַחֲרָיו מִצַּד הָהָר׃ וַיֹּאמֶר יוֹנָדָב אֶל־הַמֶּלֶךְ הִנֵּה
36 בְנֵי־הַמֶּלֶךְ בָּאוּ כִּדְבַר עַבְדְּךָ כֵּן הָיָה׃ וַיְהִי ׀ כְּכַלֹּתוֹ
לְדַבֵּר וְהִנֵּה בְנֵי־הַמֶּלֶךְ בָּאוּ וַיִּשְׂאוּ קוֹלָם וַיִּבְכּוּ וְגַם־
37 הַמֶּלֶךְ וְכָל־עֲבָדָיו בָּכוּ בְּכִי גָּדוֹל מְאֹד׃ וְאַבְשָׁלוֹם בָּרַח
וַיֵּלֶךְ אֶל־תַּלְמַי בֶּן־עַמִּיחוּר מֶלֶךְ גְּשׁוּר וַיִּתְאַבֵּל עַל־בְּנוֹ
38 כָּל־הַיָּמִים׃ וְאַבְשָׁלוֹם בָּרַח וַיֵּלֶךְ גְּשׁוּר וַיְהִי־שָׁם שָׁלֹשׁ
39 שָׁנִים׃ וַתְּכַל דָּוִד הַמֶּלֶךְ לָצֵאת אֶל־אַבְשָׁלוֹם כִּי־נִחַם
עַל־אַמְנוֹן כִּי־מֵת׃

יד

2 א וַיֵּדַע יוֹאָב בֶּן־צְרֻיָה כִּי־לֵב הַמֶּלֶךְ עַל־אַבְשָׁלוֹם׃ וַיִּשְׁלַח
יוֹאָב תְּקוֹעָה וַיִּקַּח מִשָּׁם אִשָּׁה חֲכָמָה וַיֹּאמֶר אֵלֶיהָ
הִתְאַבְּלִי־נָא וְלִבְשִׁי־נָא בִגְדֵי־אֵבֶל וְאַל־תָּסוּכִי שֶׁמֶן וְהָיִית
3 כְּאִשָּׁה זֶה יָמִים רַבִּים מִתְאַבֶּלֶת עַל־מֵת׃ וּבָאת אֶל־
הַמֶּלֶךְ וְדִבַּרְתְּ אֵלָיו כַּדָּבָר הַזֶּה וַיָּשֶׂם יוֹאָב אֶת־הַדְּבָרִים
4 בְּפִיהָ׃ וַתֹּאמֶר הָאִשָּׁה הַתְּקֹעִית אֶל־הַמֶּלֶךְ וַתִּפֹּל עַל־
אַפֶּיהָ אַרְצָה וַתִּשְׁתָּחוּ וַתֹּאמֶר הוֹשִׁעָה הַמֶּלֶךְ׃
ה וַיֹּאמֶר־לָהּ הַמֶּלֶךְ מַה־לָּךְ וַתֹּאמֶר אֲבָל אִשָּׁה־אַלְמָנָה אָנִי
6 וַיָּמָת אִישִׁי׃ וּלְשִׁפְחָתְךָ שְׁנֵי בָנִים וַיִּנָּצוּ שְׁנֵיהֶם בַּשָּׂדֶה
וְאֵין מַצִּיל בֵּינֵיהֶם וַיַּכּוּ הָאֶחָד אֶת־הָאֶחָד וַיָּמֶת אֹתוֹ׃

אײנֶער פוּן זײא איז נִיט אַ מָאל אִיבֶּער־גֶעבְּלִיבֶּען: 31 אוּנְד דֶער מֶלֶךְ אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען אוּנְד עֶר הָאט צוּרִיסֶען זײנֶע קְלֵײדֶער, אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ גֶעלֵײגְט אוֹיף דֶער עֶרְד, אוּנְד אַלֶע זײנֶע קְנֶעכְט זֶענֶען דֶערְנֶעבֶּען גֶעשְׁטַאנֶען מִיט צוּ־רִיסֶענֶע קְלֵײדֶער: 32 אוּנְד יוֹנָדָב זוּהְן פוּן שִׁמְעָה, דָוִד'ס בְּרוּדֶער הָאט גֶעעֶנְטְ־פֶערְט, אוּנְד גֶעזָאגְט, לָאז נִיט מֵיין הַאר זָאגֶען אַז אַלֶע יוּנְגֶען, דִיא זִיהְן פוּן דֶעם מֶלֶךְ זֶענֶען גֶעטֵײט, נֵײעֶרְט אַמְנוֹן אַלֵײן אִיז טוֹיט, וָוארִין דָאס אִיז גֶעטְהוּן גֶע־וָוארֶען אוֹיף דֶעם בֶּעפֶעהְל פוּן אַבְשָׁלוֹם, — פוּן דֶעם טָאג אָן דָאס עֶר הָאט גֶע־פֵּײנִיגְט זײנֶע שְׁוֶועסְטֶער תָּמָר: 33 אוּנְד אַצוּנְד לָאז נִיט מֵיין הַאר קֶענִיג דִיא זַאךְ צוּ הַארְץ לֵײגֶען, צוּ זָאגֶען אַז אַלֶע זִיהְן פוּן דֶעם מֶלֶךְ זֶענֶען גֶעשְׁטָארְבֶּען, נֵײעֶרְט אַמְנוֹן אַלֵײן אִיז טוֹיט: 34 אוּנְד אַבְשָׁלוֹם אִיז אַנְטְלָאפֶען, אוּנְד וֶוען דֶער יוּנְג דֶער וֶועכְטֶער הָאט אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען זײנֶע אוֹיגֶען אַזוֹי הָאט עֶר גֶעזֶעהֶען פִיעֶל פָאלְק זֶענֶען הִינְטֶער אִיהְם גֶעגַאנְגֶען אוֹיף דֶעם וֶועג אַן דֶער זֵײט פוּן דֶעם בַּארְג: 35 אוּנְד יוֹנָדָב הָאט גֶעזָאגְט צוּ דֶעם מֶלֶךְ, זֶעה, דִיא זִיהְן פוּן דֶעם מֶלֶךְ קוּמֶען אַזוֹי וִויא דֵיין קְנֶעכְט הָאט גֶעזָאגְט, אַזוֹי אִיז עֶס גֶעוָוארֶען: 36 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען וֶוען עֶר הָאט גֶעעֶנְדִיגְט צוּ רֶעדֶען, זֶעה, אַזוֹי זֶענֶען דִיא זִיהְן פוּן דֶעם מֶלֶךְ אָנְגֶעקוּמֶען, אוּנְד זֵײא הָאבֶּען אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען זֵײעֶר קוֹל אוּנְד זֵײא הָאבֶּען גֶעוֵײנְט, אוּנְד אוֹיךְ דֶער מֶלֶךְ אוּנְד אַלֶע זײנֶע קְנֶעכְט הָאבֶּען זֶעהְר שְׁטַארְק גֶעוֵײנְט: 37 אָבֶּער אַבְשָׁלוֹם אִיז אַנְטְלָאפֶען, אוּנְד עֶר אִיז גֶעגַאנְגֶען צוּ תַּלְמַי זוּהְן פוּן עַמִּיחוּר קֶענִיג פוּן גְשׁוּר, אוּנְד עֶר הָאט גֶעטְרוֹיעֶרְט וֶועגֶען זײן זוּהְן אַלֶע טֶעג: 38 אוּנְד אַזוֹי אִיז אַבְשָׁלוֹם אַנְטְלָאפֶען, אוּנְד עֶר אִיז גֶעגַאנְגֶען קֵיין גְשׁוּר, אוּנְד עֶר אִיז דָארְט גֶעוֶועזֶען דְרֵײא יָאהְר: 39 אוּנְד דָוִד הַמֶּלֶךְ הָאט גֶעגְלוּסְט אַרוֹיסְצוּגֵיין צוּ אַבְשָׁלוֹם, וָוארִין עֶר אִיז (שׁוֹין) גֶעוֶועזֶען גֶעטְרֵייסְט וֶועגֶען אַמְנוֹן, וֵוייל עֶר וַואר טוֹיט:

## קאפיטעל יד

1 אוּנְד יוֹאָב זוּהְן פוּן צְרוּיָה הָאט גֶעוואוּסְט אַז דָאס הַארְץ פוּן דֶעם מֶלֶךְ אִיז גֶעוֶועזֶען צוּ אַבְשָׁלוֹם: 2 אוּנְד יוֹאָב הָאט גֶעשִׁיקְט קֵיין תְּקוֹעָה, אוּנְד עֶר הָאט פוּן דָארְט גֶענוּמֶען אַ קְלוּגֶע פְרוֹיא, אוּנְד עֶר הָאט צוּ אִיהְר גֶעזָאגְט, אִיךְ בֶּעט דִיךְ פֶערְשְׁטֶעל דִיךְ פַאר אַן אָבֶלְתֶע, אוּנְד טְהוּא אָן דִיא טְרוֹיעֶר־קְלֵײדֶער, אוּנְד זַאלְבּ דִיךְ נִיט מִיט אֵײל, אוּנְד דוּא זָאלְסְט זֵיין וִויא אַ פְרוֹיא וָואס טְרוֹיעֶרְט שׁוֹין לַאנְג וֶועגֶען אַ טוֹיטֶען: 3 אוּנְד וֶוען דוּא וֶועסְט אַרֵיינְקוּמֶען צוּ דֶעם מֶלֶךְ אַזוֹי זָאלְסְט דוּא צוּ אִיהְם רֶעדֶען נָאךְ דֶער דָאזִיגֶער זַאךְ; אוּנְד יוֹאָב הָאט דִיא רֵייד גֶעטְהוּן אִין אִיהְר מוֹיל אַרֵיין: 4 אוּנְד דִיא פְרוֹיא פוּן תְּקוֹעָה הָאט גֶעזָאגְט צוּ דֶעם מֶלֶךְ, אוּנְד זִיא אִיז גֶעפַאלֶען אוֹיף אִיהְר פָּנִים צוּ דֶער עֶרְד, אוּנְד זִיא הָאט זִיךְ גֶעבִּיקְט, אוּנְד זִיא הָאט גֶעזָאגְט, הֶעלְף אָ מֶלֶךְ! 5 אוּנְד דֶער מֶלֶךְ הָאט צוּ אִיהְר גֶעזָאגְט, וָואס אִיז דִיר? אוּנְד זִיא הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ בִּין אֵײנֶע אַלְמָנָה, אוּנְד מֵיין מַאן אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען: 6 אוּנְד דֵיינֶע דִינְסְט מוֹיד הָאט צְוֵויא זִיהְן, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זִיךְ בֵּיידֶע גֶעקְרִיגְט אִין דֶעם פֶעלְד, אוּנְד עֶס אִיז נִיט גֶעוֶועזֶען צְוִוישֶׁען זֵייא אֵײנֶער וָואס זָאל מַצִּיל זֵיין, אַזוֹי הָאט אֵײנֶער דֶעם אַנְדֶערְן גֶעשְׁלָאגֶען אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם גֶעטֵײט:

וְהִנֵּה קָמָה כָל־הַמִּשְׁפָּחָה עַל־שִׁפְחָתֶךָ וַיֹּאמְרוּ תְּנִי ׀ 7
אֶת־מַכֵּה אָחִיו וּנְמִתֵהוּ בְּנֶפֶשׁ אָחִיו אֲשֶׁר הָרָג וְנַשְׁמִידָה
גַּם אֶת־הַיּוֹרֵשׁ וְכִבּוּ אֶת־גַּחַלְתִּי אֲשֶׁר נִשְׁאָרָה לְבִלְתִּי
שִׂום־לְאִישִׁי שֵׁם וּשְׁאֵרִית עַל־פְּנֵי הָאֲדָמָה׃ וַיֹּאמֶר 8
הַמֶּלֶךְ אֶל־הָאִשָּׁה לְכִי לְבֵיתֵךְ וַאֲנִי אֲצַוֶּה עָלָיִךְ׃ וַתֹּאמֶר 9
הָאִשָּׁה הַתְּקוֹעִית אֶל־הַמֶּלֶךְ עָלַי אֲדֹנִי הַמֶּלֶךְ הֶעָוֺן וְעַל־
בֵּית אָבִי וְהַמֶּלֶךְ וְכִסְאוֹ נָקִי׃ וַיֹּאמֶר הַמֶּלֶךְ י
הַמְדַבֵּר אֵלַיִךְ וַהֲבֵאתוֹ אֵלַי וְלֹא־יֹסִיף עוֹד לָגַעַת בָּךְ׃
וַתֹּאמֶר יִזְכָּר־נָא הַמֶּלֶךְ אֶת־יְהוָה אֱלֹהֶיךָ מֵהַרְבַּית גֹּאֵל 11
הַדָּם לְשַׁחֵת וְלֹא יַשְׁמִידוּ אֶת־בְּנִי וַיֹּאמֶר חַי־יְהוָה אִם־
יִפֹּל מִשַּׂעֲרַת בְּנֵךְ אָרְצָה׃ וַתֹּאמֶר הָאִשָּׁה תְּדַבֶּר־נָא 12
שִׁפְחָתְךָ אֶל־אֲדֹנִי הַמֶּלֶךְ דָּבָר וַיֹּאמֶר דַּבֵּרִי׃ וַתֹּאמֶר 13
הָאִשָּׁה וְלָמָּה חָשַׁבְתָּה כָּזֹאת עַל־עַם אֱלֹהִים וּמִדַּבֵּר
הַמֶּלֶךְ הַדָּבָר הַזֶּה כְּאָשֵׁם לְבִלְתִּי הָשִׁיב הַמֶּלֶךְ אֶת־נִדְּחוֹ׃
כִּי־מוֹת נָמוּת וְכַמַּיִם הַנִּגָּרִים אַרְצָה אֲשֶׁר לֹא יֵאָסֵפוּ 14
וְלֹא־יִשָּׂא אֱלֹהִים נֶפֶשׁ וְחָשַׁב מַחֲשָׁבוֹת לְבִלְתִּי יִדַּח
מִמֶּנּוּ נִדָּח׃ וְעַתָּה אֲשֶׁר־בָּאתִי לְדַבֵּר אֶל־הַמֶּלֶךְ אֲדֹנִי טו
אֶת־הַדָּבָר הַזֶּה כִּי יֵרְאֻנִי הָעָם וַתֹּאמֶר שִׁפְחָתְךָ אֲדַבְּרָה־
נָּא אֶל־הַמֶּלֶךְ אוּלַי יַעֲשֶׂה הַמֶּלֶךְ אֶת־דְּבַר אֲמָתוֹ׃ כִּי 16
יִשְׁמַע הַמֶּלֶךְ לְהַצִּיל אֶת־אֲמָתוֹ מִכַּף הָאִישׁ לְהַשְׁמִיד
אֹתִי וְאֶת־בְּנִי יַחַד מִנַּחֲלַת אֱלֹהִים׃ וַתֹּאמֶר שִׁפְחָתְךָ 17
יִהְיֶה־נָּא דְּבַר־אֲדֹנִי הַמֶּלֶךְ לִמְנֻחָה כִּי ׀ כְּמַלְאַךְ הָאֱלֹהִים
כֵּן אֲדֹנִי הַמֶּלֶךְ לִשְׁמֹעַ הַטּוֹב וְהָרָע וַיהוָה אֱלֹהֶיךָ יְהִי
עִמָּךְ׃ וַיַּעַן הַמֶּלֶךְ וַיֹּאמֶר אֶל־הָאִשָּׁה אַל־נָא 18
תְכַחֲדִי מִמֶּנִּי דָּבָר אֲשֶׁר אָנֹכִי שֹׁאֵל אֹתָךְ וַתֹּאמֶר הָאִשָּׁה
יְדַבֶּר־נָא אֲדֹנִי הַמֶּלֶךְ׃ וַיֹּאמֶר הַמֶּלֶךְ הֲיַד יוֹאָב אִתָּךְ 19
בְּכָל־זֹאת וַתַּעַן הָאִשָּׁה וַתֹּאמֶר חֵי נַפְשְׁךָ אֲדֹנִי הַמֶּלֶךְ

7 אונד װעה, דיא גאנצע משפחה איז
אויפגעשטאנען קעגען דיינע דינסט מויד
אונד זייא האבען געזאגט, גיב אהער
דעם װאס האט זיין ברודער דערשלאגען
אז מיר זאלען איהם טייטען פון װעגען
דעם נפש פון זיין ברודער װאס ער
האט געהרגת, אונד מיר װעלען דעם
יורש אויך פערטילגען, אונד אזוי װעלען
זייא פערלעשען מיינע קוילען װאס איז
איבערגעבליבען, כדי זייא זאלען ניט
לאזען צו מיין מאן איין נאמען אדער
איבערבלייבונג אויף דער ערד! 8 אונד
דער מלך האט געזאגט צו דעם װייב,
גייא צו דיין הויז, אונד איך װעל א
בעפעהל געבען װעגען דיר: 9 אונד
דאס װייב פון תקועה האט געזאגט צו
דעם מלך, אויף מיר א האר מלך, אונד
אויף מיין פאטער׳ס הויזגעזינד זאל זיין
דיא זינד, אבער דער מלך אונד זיין
טראן שטוהל זאל ריין זיין: 10 אונד
דער מלך האט געזאגט, דער װאס װעט
עפעס צו דיר רעדען דעם זאלסט דוא
צו מיר ברענגען, אזוי װעט ער דיך ניט
מעהר אנריהרען: 11 אונד זיא האט
געזאגט, לאז דאך דער מלך געדענקען
יהוה דיין גאט כדי דער גואל הדם זאל ניט פערדארבען אונד ניט פערטילגען מיין
זוהן. אונד ער האט געזאגט, אזוי װיא גאט לעבט אויב עס װעט פאלען א האר פון
דיין זוהן׳ס קאפ צו דער ערד: 12 אונד דאס װייב האט געזאגט, לאז דאך דיינע
דינסט מויד א װארט רעדען צו מיין האר דעם מלך, אונד ער האט געזאגט, רעד:
13 אונד דאס װייב האט געזאגט, װארום האסט דוא דען זאלכע געדאנקען קעגען
דעם פאלק פון גאט? װארין דער מלך רעט דיא דאזיגע זאך װיא איינער װאס איז
שולדיג, דאס דער מלך װיל ניט צוריקברענגען זיין פערשטויסענעם: 14 װארין מיר
מוזען דאך שטארבען, אונד (מיר זענען) אזוי װיא װאסער װאס איז פערגאסען אויף
דער ערד װאס קען ניט מעהר איינגעזאמעלט װערען; אונד גאט איז אויך ניט
א נושא פנים, אונד דאך טראכט ער געדאנקען אז דער פערשטויסענער זאל
ניט פון איהם פערשטויסען װערען: 15 אונד אצונד אז איך בין געקומען צו
רעדען צו מיין האר דעם קעניג דאס דאזיגע װארט, עס איז װייל דאס פאלק
האט מיר מורא געמאכט, אונד דיינע דינסטמויד האט געטראכט, איך װיל דאך
רעדען צו דעם מלך, טאמער װעט דער מלך טהון דיא זאך פון זיינע דינסטמויד:
16 װארין דער מלך װעט צוהערען, אונד מציל זיין זיינע דינסטמויד פון דער
האנד פון דעם מאן װאס װיל מיך אונד מיינע קינדער צוזאמען פערטילגען פון
דער נחלה פון גאט: 17 אונד דיינע דינסטמויד האט זיך געטראכט, אז דאס
װארט פון מיין האר דעם מלך װעט געװיס זיין א נחמה; װארין אזוי װיא א
מלאך פון גאט אזוי איז מיין האר דער מלך, אויסצוהערען דאס גוטע אונד
דאס שלעכטע, אונד יהוה דיין גאט זאל זיין מיט דיר: 18 אונד דער מלך
האט געענטפערט אונד ער האט געזאגט צו דעם װייב, דוא זאלסט ניט פער־
מיידען פון מיר קיין שום זאך װאס איך װעל דיך פרעגען; אונד דאס װייב האט
געזאגט, לאז דאך מיין האר דער מלך רעדען: 19 אונד דער מלך האט געזאגט,
איז דיא האנד פון יואב מיט דיר אין אלעם דעם דאזיגען? אונד דאס װייב האט
געענטפערט, אונד זיא האט געזאגט, אזוי װיא דיינע זעלע לעבט, א מיין האר קעניג

אִם־אִשׁ ׀ לְהֵמִין וּלְהַשְׂמִיל מִכֹּל אֲשֶׁר־דִּבֶּר אֲדֹנִי הַמֶּלֶךְ
כִּי־עַבְדְּךָ יוֹאָב הוּא צִוָּנִי וְהוּא שָׂם בְּפִי שִׁפְחָתְךָ אֵת
כ כָּל־הַדְּבָרִים הָאֵלֶּה׃ לְבַעֲבוּר סַבֵּב אֶת־פְּנֵי הַדָּבָר עָשָׂה
עַבְדְּךָ יוֹאָב אֶת־הַדָּבָר הַזֶּה וַאדֹנִי חָכָם כְּחָכְמַת מַלְאַךְ
21 הָאֱלֹהִים לָדַעַת אֶת־כָּל־אֲשֶׁר בָּאָרֶץ׃ וַיֹּאמֶר
הַמֶּלֶךְ אֶל־יוֹאָב הִנֵּה־נָא עָשִׂיתִי אֶת־הַדָּבָר הַזֶּה וְלֵךְ
22 הָשֵׁב אֶת־הַנַּעַר אֶת־אַבְשָׁלוֹם׃ וַיִּפֹּל יוֹאָב אֶל־פָּנָיו אַרְצָה
וַיִּשְׁתַּחוּ וַיְבָרֶךְ אֶת־הַמֶּלֶךְ וַיֹּאמֶר יוֹאָב הַיּוֹם יָדַע עַבְדְּךָ
כִּי־מָצָאתִי חֵן בְּעֵינֶיךָ אֲדֹנִי הַמֶּלֶךְ אֲשֶׁר־עָשָׂה הַמֶּלֶךְ
23 אֶת־דְּבַר עַבְדֶּו׃ וַיָּקָם יוֹאָב וַיֵּלֶךְ גְּשׁוּרָה וַיָּבֵא אֶת־
24 אַבְשָׁלוֹם יְרוּשָׁלָםִ׃ וַיֹּאמֶר הַמֶּלֶךְ יִסֹּב אֶל־בֵּיתוֹ
וּפָנַי לֹא יִרְאֶה וַיִּסֹּב אַבְשָׁלוֹם אֶל־בֵּיתוֹ וּפְנֵי הַמֶּלֶךְ לֹא
כה רָאָה׃ וּכְאַבְשָׁלוֹם לֹא־הָיָה אִישׁ־יָפֶה בְּכָל־יִשְׂרָאֵל
לְהַלֵּל מְאֹד מִכַּף רַגְלוֹ וְעַד קָדְקֳדוֹ לֹא־הָיָה בוֹ מוּם׃
26 וּבְגַלְּחוֹ אֶת־רֹאשׁוֹ וְהָיָה מִקֵּץ יָמִים ׀ לַיָּמִים אֲשֶׁר יְגַלֵּחַ
כִּי־כָבֵד עָלָיו וְגִלְּחוֹ וְשָׁקַל אֶת־שְׂעַר רֹאשׁוֹ מָאתַיִם
27 שְׁקָלִים בְּאֶבֶן הַמֶּלֶךְ׃ וַיִּוָּלְדוּ לְאַבְשָׁלוֹם שְׁלוֹשָׁה בָנִים
וּבַת אַחַת וּשְׁמָהּ תָּמָר הִיא הָיְתָה אִשָּׁה יְפַת מַרְאֶה׃
28 וַיֵּשֶׁב אַבְשָׁלוֹם בִּירוּשָׁלַםִ שְׁנָתַיִם יָמִים וּפְנֵי
29 הַמֶּלֶךְ לֹא רָאָה׃ וַיִּשְׁלַח אַבְשָׁלוֹם אֶל־יוֹאָב לִשְׁלֹחַ אֹתוֹ
אֶל־הַמֶּלֶךְ וְלֹא אָבָה לָבוֹא אֵלָיו וַיִּשְׁלַח עוֹד שֵׁנִית וְלֹא
ל אָבָה לָבוֹא׃ וַיֹּאמֶר אֶל־עֲבָדָיו רְאוּ חֶלְקַת יוֹאָב אֶל־
יָדִי וְלוֹ־שָׁם שְׂעֹרִים לְכוּ וְהוֹצִיתִיהָ בָאֵשׁ וַיַּצִּתוּ עַבְדֵי
31 אַבְשָׁלוֹם אֶת־הַחֶלְקָה בָּאֵשׁ׃ וַיָּקָם יוֹאָב וַיָּבֹא
אֶל־אַבְשָׁלוֹם הַבָּיְתָה וַיֹּאמֶר אֵלָיו לָמָּה הִצִּיתוּ עֲבָדֶיךָ
32 אֶת־הַחֶלְקָה אֲשֶׁר־לִי בָּאֵשׁ׃ וַיֹּאמֶר אַבְשָׁלוֹם אֶל־יוֹאָב
הִנֵּה שָׁלַחְתִּי אֵלֶיךָ ׀ לֵאמֹר בֹּא הֵנָּה וְאֶשְׁלְחָה אֹתְךָ אֶל־

אויב עס איז פערהאנדען א מאן צור רעכטען אדער צור לינקען פון דעם אלעם וואס מיין האר דער קעניג האט גערעדט, וואריין דיין קנעכט יואב, ער האט עס מיר געבאטען, אונד ער האט אלע דיא דאזיגע ווערטער געלייגט אין דעם מויל פון דיינע דינסטמויד: 20 כדי ארום צו דרייען דאס פנים פון דער זאך האט דיין קנעכט יואב דיא דאזיגע זאך געטהון; אבער מיין האר איז א חכם וויא דיא חכמה פון א מלאך פון גאט, אום צו וויסען אלעם וואס טהוט זיך אויף דער ערד: 21 אזוי האט דער מלך געזאגט צו יואב, זעה, נון, איך האב געטהון דיא דאזיגע זאך; דארום גייא אונד ברענג צוריק דעם יונג, דעם אבשלום: 22 אזוי איז יואב געפאלען מיט זיין פנים אויף דער ערד, אונד ער האט זיך געביקט, אונד ער האט דעם מלך געבענשט; אונד יואב האט געזאגט, היינט האט דיין קנעכט דערקענט אז איך האב געפונען חן אין דיינע אויגען, א מיין האר מלך! וייל דער מלך האט געטהון דאס ווארט פון דיין קנעכט: 23 אזוי איז יואב אויפגעשטאנען אונד איז אהינגעגאנגען קיין גשור אונד ער האט דעם אבשלום געבראכט קיין ירושלים: 24 אונד דער מלך האט געזאגט, לאז ער אפקעהרען צו זיין הויז, אבער מיין פנים זאל ער ניט זעהען; אזוי איז אבשלום איינגעקעהרט אין זיין הויז, אונד ער האט ניט געזעהען דאס פנים פון דעם מלך: 25 אונד אזוי וויא אבשלום איז ניט געוועזען קיין שענערער אין גאנץ ישראל, אז מען זאל איהם זעהר לויבען, פון דעם טריט פון זיין פוס ביז צו זיין קאפ איז ניט אין איהם געוועזען א מום: 26 אונד ווען מען האט איהם אפגעשארען (דיא האר פון זיין קאפ (ווארין דאס איז געוועזען פון איין עק יאהר צו דעם אנדערן וואס ער פלעגט זיך אפשערען, דען דיא האר זענען אויף איהם שוועהר געוועזען אזוי האט ער זיך געלאזט שערען), אזוי איז דאס געוויכט פון זיינע האר געוועזען צוויא הונדערט שקלים, נאך דעם געוויכט פון דעם מלך: 27 אונד עס זענען געבוירען געווארען צו אבשלום דרייא זיהן אונד איינע טאכטער, אונד איהר נאמען וואר תמר, זיא איז געוועזען א שיינע פרויא אנצוזעהען: 28 אונד אבשלום האט געוואוינט אין ירושלים צוויא יאהר, אבער ער האט ניט געזעהען דאס פנים פון דעם מלך: 29 אונד אבשלום האט געשיקט נאך יואב כדי ער זאל איהם שיקען צו דעם קעניג, אבער ער האט ניט געוואלט צו איהם קומען, אונד ער האט נאכאמאל צו איהם געשיקט, אבער ער האט ניט געוואלט קומען: 30 אזוי האט ער געזאגט צו זיינע קנעכט, זעהט, יואב׳ס פעלד איז נאהענט פון מיין (פעלד) אונד ער האט דארטען גערשטען, גייט אונד צינדעט עס אהן מיט פייער, אזוי האבען אבשלום׳ס קנעכט אנגע־צינדען זיין פעלד מיט פייער: 31 אונד יואב איז אויפגעשטאנען אונד ער איז אריינגעקומען אין אבשלום׳ס הויז, אונד ער האט צו איהם געזאגט, פארוואס האבען דיינע קנעכט מיין פעלד אנגעצינדען מיט פייער? 32 אונד אבשלום האט געזאגט צו יואב, זעה, איך האב צו דיר געשיקט אזוי צו זאגען, קום אהער אז איך זאל דיך שיקען צו

דעם

הַמֶּלֶךְ לֵאמֹר לָמָּה בָּאתִי מִגְּשׁוּר טוֹב לִי עֹד אֲנִי־שָׁם
וְעַתָּה אֶרְאֶה פְּנֵי הַמֶּלֶךְ וְאִם־יֶשׁ־בִּי עָוֺן וֶהֱמִתָנִי׃ וַיָּבֹא 33
יוֹאָב אֶל־הַמֶּלֶךְ וַיַּגֶּד־לוֹ וַיִּקְרָא אֶל־אַבְשָׁלוֹם וַיָּבֹא אֶל־
הַמֶּלֶךְ וַיִּשְׁתַּחוּ לוֹ עַל־אַפָּיו אַרְצָה לִפְנֵי הַמֶּלֶךְ וַיִּשַּׁק
הַמֶּלֶךְ לְאַבְשָׁלוֹם׃

טו טו

וַיְהִי מֵאַחֲרֵי כֵן וַיַּעַשׂ לוֹ אַבְשָׁלוֹם מֶרְכָּבָה וְסֻסִים א
וַחֲמִשִּׁים אִישׁ רָצִים לְפָנָיו׃ וְהִשְׁכִּים אַבְשָׁלוֹם וְעָמַד 2
עַל־יַד דֶּרֶךְ הַשָּׁעַר וַיְהִי כָּל־הָאִישׁ אֲשֶׁר־יִהְיֶה־לּוֹ רִיב
לָבוֹא אֶל־הַמֶּלֶךְ לַמִּשְׁפָּט וַיִּקְרָא אַבְשָׁלוֹם אֵלָיו וַיֹּאמֶר
אֵי־מִזֶּה עִיר אַתָּה וַיֹּאמֶר מֵאַחַד שִׁבְטֵי־יִשְׂרָאֵל עַבְדֶּךָ׃
וַיֹּאמֶר אֵלָיו אַבְשָׁלוֹם רְאֵה דְבָרֶךָ טוֹבִים וּנְכֹחִים וְשֹׁמֵעַ 3
אֵין־לְךָ מֵאֵת הַמֶּלֶךְ׃ וַיֹּאמֶר אַבְשָׁלוֹם מִי־יְשִׂמֵנִי שֹׁפֵט 4
בָּאָרֶץ וְעָלַי יָבוֹא כָּל־אִישׁ אֲשֶׁר־יִהְיֶה־לּוֹ רִיב וּמִשְׁפָּט
וְהִצְדַּקְתִּיו׃ וְהָיָה בִּקְרָב־אִישׁ לְהִשְׁתַּחֲוֺת לוֹ וְשָׁלַח אֶת־ ה
יָדוֹ וְהֶחֱזִיק לוֹ וְנָשַׁק לוֹ׃ וַיַּעַשׂ אַבְשָׁלוֹם כַּדָּבָר הַזֶּה 6
לְכָל־יִשְׂרָאֵל אֲשֶׁר־יָבֹאוּ לַמִּשְׁפָּט אֶל־הַמֶּלֶךְ וַיְגַנֵּב
אַבְשָׁלוֹם אֶת־לֵב אַנְשֵׁי יִשְׂרָאֵל׃ וַיְהִי מִקֵּץ אַרְבָּעִים 7
שָׁנָה וַיֹּאמֶר אַבְשָׁלוֹם אֶל־הַמֶּלֶךְ אֵלְכָה נָּא וַאֲשַׁלֵּם אֶת־
נִדְרִי אֲשֶׁר־נָדַרְתִּי לַיהוָה בְּחֶבְרוֹן׃ כִּי־נֶדֶר נָדַר עַבְדְּךָ 8
בְּשִׁבְתִּי בִגְשׁוּר בַּאֲרָם לֵאמֹר אִם־יָשִׁיב יְשִׁיבֵנִי יְהוָה
יְרוּשָׁלַםִ וְעָבַדְתִּי אֶת־יְהוָה׃ וַיֹּאמֶר־לוֹ הַמֶּלֶךְ לֵךְ בְּשָׁלוֹם 9
וַיָּקָם וַיֵּלֶךְ חֶבְרוֹנָה׃ וַיִּשְׁלַח אַבְשָׁלוֹם מְרַגְּלִים י
בְּכָל־שִׁבְטֵי יִשְׂרָאֵל לֵאמֹר כְּשָׁמְעֲכֶם אֶת־קוֹל הַשֹּׁפָר
וַאֲמַרְתֶּם מָלַךְ אַבְשָׁלוֹם בְּחֶבְרוֹן׃ וְאֶת־אַבְשָׁלוֹם הָלְכוּ 11
מָאתַיִם אִישׁ מִירוּשָׁלַםִ קְרֻאִים וְהֹלְכִים לְתֻמָּם וְלֹא יָדְעוּ
כָּל־דָּבָר׃ וַיִּשְׁלַח אַבְשָׁלוֹם אֶת־אֲחִיתֹפֶל הַגִּילֹנִי יוֹעֵץ 12

דעם קעניג צו זאגען, וואָרום בין איך
געקומען פון גשור? עס וועהר בעסער
פאר מיר דאס איך העט נאך דארט
געוועזען, אונד אצונד לאז מיך זעהען
דאס פנים פון דעם מלך, אונד ווען עס
איז אן מיר א זינד אזוי זאל ער מיך
טייטען: 33 אונד יואב איז געקומען צו
דעם קעניג אונד ער האט עס צו איהם
געזאגט, אזוי האט ער גערופען צו
אבשלום, אונד ווען ער איז געקומען צו
דעם מלך אזוי האט ער זיך צו איהם
געביקט, מיט זיין פנים צו דער ערד
פאר דעם מלך, אונד דער מלך האט
געקישט אבשלום:

## קאפיטעל טו

1 אונד עס איז געוועזען נאכדעם אזוי
האט זיך אבשלום געמאכט רייטוועגען
אונד פערד, אונד פופציג מענער זענען
פאר איהם געלאפען: 2 אונד אבשלום
פלעגט פריה אויפשטיין, אונד איז גע־
שטאנען בייא דער זייט פון דעם וועג
פון דעם טויער, אונד עס איז געוועזען
אז איטליכער וואס האט געהאט א
שטרייט, אונד ווען ער איז געקומען צו
דעם מלך צו דעם משפט אזוי האט איהם אבשלום צו זיך גערופען, אונד האט
געזאגט, פון וועלכער שטאט ביזט דוא? אונד ווען ער האט געזאגט, דיין קנעכט
איז פון איינע (פון דיא שטעט) פון דיא שבטים פון ישראל: 3 אזוי האט
אבשלום צו איהם געזאגט, זעה, דיינע זאכען זענען גוט אונד רעכטשאפען,
אבער עס איז קיינער דא פון דעם קעניג וואס זאל דיך אויסהערען: 4 אונד
אבשלום האט (ווייטער) געזאגט, ווער וואלט געבען אז איך העט געמאכט גע־
ווארען אלס שופט אין דעם לאנד! אונד איטליכער וואס האט א שטרייט אונד
א משפט מעכט צו מיר געקומען, אזוי העט איך איהם גערעכט געמאכט:
5 אונד עס איז געוועזען, אז ווען איטעצער איז נאהענט געקומען זיך צו איהם
צו ביקען, אזוי האט ער אויסגעשטרעקט זיינע האנד, אונד ער האט איהם אנ־
גענאמען, אונד איהם געקישט: 6 אונד אזוי האט אבשלום געטהון צו גאנץ
ישראל וואס זענען געקומען צו דעם מלך צו דעם משפט; אונד אבשלום האט
געגנבת דאס הארץ פון דיא מענער פון ישראל: 7 אונד עס איז געוועזען אן
דעם ענד פון פירציג יאהר, אזוי האט אבשלום געזאגט צו דעם מלך, איך בעט
דיך, לאז מיך גיין אונד בעצאהלען מיין נדר וואס איך האב א נדר געמאכט
צו גאט אין חברון: 8 ווארין דיין קנעכט האט א נדר געטהון ווען איך האב
געוואוינט אין גשור, אין ארם אזוי צו זאגען, ווען גאט וועט מיך געוויס לאזען
צוריקקעהרען קיין ירושלים, אזוי וועל איך יהוה דינען: 9 אונד דער מלך
האט צו איהם געזאגט, גייא בשלום, אזוי איז ער אויפגעשטאנען אונד איז
געגאנגען קיין חברון: 10 אונד אבשלום האט אויסגעשיקט מרגלים דורך
אלע שבטים אין ישראל אזוי צו זאגען, ווען איהר וועט הערען דאס קול
פון דעם שופר אזוי זאלט איהר זאגען, אבשלום רעגירט אין חברון:
11 אונד מיט אבשלום זענען מיטגעגאנגען צווייא הונדערט מאן אויס
ירושלים, דייא זענען געוועזען גערופענע, אונד זייא זענען געגאנגען אין
זייערע גאנצקייט, אונד זייא האבען פון קיין שום זאך ניט געוואוסט: 12 אונד
אבשלום האט געשיקט נאך אחיתופל פון גילה, דער עצה געבער

דָּוִד מֵעִירוֹ מִגִּלֹה בְּזָבְחוֹ אֶת־הַזְּבָחִים וַיְהִי הַקֶּשֶׁר אַמִּץ
13 וְהָעָם הוֹלֵךְ וָרָב אֶת־אַבְשָׁלוֹם׃ וַיָּבֹא הַמַּגִּיד אֶל־דָּוִד
14 לֵאמֹר הָיָה לֶב־אִישׁ יִשְׂרָאֵל אַחֲרֵי אַבְשָׁלוֹם׃ וַיֹּאמֶר דָּוִד
לְכָל־עֲבָדָיו אֲשֶׁר־אִתּוֹ בִירוּשָׁלַםִ קוּמוּ וְנִבְרָחָה כִּי לֹא־
תִהְיֶה־לָּנוּ פְלֵיטָה מִפְּנֵי אַבְשָׁלֹם מַהֲרוּ לָלֶכֶת פֶּן־יְמַהֵר
וְהִשִּׂגֵנוּ וְהִדִּיחַ עָלֵינוּ אֶת־הָרָעָה וְהִכָּה הָעִיר לְפִי־
טו חָרֶב׃ וַיֹּאמְרוּ עַבְדֵי־הַמֶּלֶךְ אֶל־הַמֶּלֶךְ כְּכֹל אֲשֶׁר־יִבְחַר
16 אֲדֹנִי הַמֶּלֶךְ הִנֵּה עֲבָדֶיךָ׃ וַיֵּצֵא הַמֶּלֶךְ וְכָל־בֵּיתוֹ בְּרַגְלָיו
וַיַּעֲזֹב הַמֶּלֶךְ אֵת עֶשֶׂר נָשִׁים פִּלַגְשִׁים לִשְׁמֹר הַבָּיִת׃
17 וַיֵּצֵא הַמֶּלֶךְ וְכָל־הָעָם בְּרַגְלָיו וַיַּעַמְדוּ בֵּית הַמֶּרְחָק׃
18 וְכָל־עֲבָדָיו עֹבְרִים עַל־יָדוֹ וְכָל־הַכְּרֵתִי וְכָל־הַפְּלֵתִי וְכָל־
הַגִּתִּים שֵׁשׁ־מֵאוֹת אִישׁ אֲשֶׁר־בָּאוּ בְרַגְלוֹ מִגַּת עֹבְרִים
19 עַל־פְּנֵי הַמֶּלֶךְ׃ וַיֹּאמֶר הַמֶּלֶךְ אֶל־אִתַּי הַגִּתִּי לָמָּה תֵלֵךְ
גַם־אַתָּה אִתָּנוּ שׁוּב וְשֵׁב עִם־הַמֶּלֶךְ כִּי־נָכְרִי אַתָּה וְגַם־
כ גֹּלֶה אַתָּה לִמְקוֹמֶךָ׃ תְּמוֹל ׀ בּוֹאֶךָ וְהַיּוֹם אֲנוֹעֲךָ עִמָּנוּ
לָלֶכֶת וַאֲנִי הוֹלֵךְ עַל אֲשֶׁר־אֲנִי הוֹלֵךְ שׁוּב וְהָשֵׁב אֶת־
21 אַחֶיךָ עִמָּךְ חֶסֶד וֶאֱמֶת׃ וַיַּעַן אִתַּי אֶת־הַמֶּלֶךְ וַיֹּאמַר
חַי־יְהוָה וְחֵי אֲדֹנִי הַמֶּלֶךְ כִּי אִם בִּמְקוֹם אֲשֶׁר יִהְיֶה־
שָּׁם ׀ אֲדֹנִי הַמֶּלֶךְ אִם־לְמָוֶת אִם־לְחַיִּים כִּי־שָׁם יִהְיֶה
22 עַבְדֶּךָ׃ וַיֹּאמֶר דָּוִד אֶל־אִתַּי לֵךְ וַעֲבֹר וַיַּעֲבֹר אִתַּי הַגִּתִּי
23 וְכָל־אֲנָשָׁיו וְכָל־הַטַּף אֲשֶׁר אִתּוֹ׃ וְכָל־הָאָרֶץ בּוֹכִים קוֹל
גָּדוֹל וְכָל־הָעָם עֹבְרִים וְהַמֶּלֶךְ עֹבֵר בְּנַחַל קִדְרוֹן וְכָל־
24 הָעָם עֹבְרִים עַל־פְּנֵי־דֶרֶךְ אֶת־הַמִּדְבָּר׃ וְהִנֵּה גַם־צָדוֹק
וְכָל־הַלְוִיִּם אִתּוֹ נֹשְׂאִים אֶת־אֲרוֹן בְּרִית הָאֱלֹהִים וַיַּצִּקוּ
אֶת־אֲרוֹן הָאֱלֹהִים וַיַּעַל אֶבְיָתָר עַד־תֹּם כָּל־הָעָם לַעֲבוֹר
כה מִן־הָעִיר׃ וַיֹּאמֶר הַמֶּלֶךְ לְצָדוֹק הָשֵׁב אֶת־אֲרוֹן
הָאֱלֹהִים הָעִיר אִם־אֶמְצָא חֵן בְּעֵינֵי יְהוָה וֶהֱשִׁבַנִי

פון דוד, אוים דער שטאט גילה, ווען ער האט געשאכטען דיא קרבנות, אונד דער בונד (פון דער מרידה) איז געוועזען שטארק, אונד דאס פאלק איז געגאנגען אונד האט זיך געמעהרט מיט אבשלום: 13 אונד עס איז אנגעקומען איין אנזאגער צו דוד אונד ער האט געזאגט, אז דאס הארץ פון איטליכען מאן פון ישראל איז (נאכצוגיין) נאך אבשלום: 14 אזוי האט דוד געזאגט צו אלע זיינע קנעכט וואס זענען מיט איהם געוועזען אין ירושלים, שטייט אויף אונד לאמער אנטלויפען, ווארין עס וועט פאר אונס ניט זיין קיינע אנטרינונג פאר אבשלום; איילט אייך אוועקצוגיין, טאמער וועט ער זיך איילען אונד אונס דערגרייכען, אונד אויף אונס דאס בייזע שטויסען, אונד וועט דיא שטאט שלאגען מיט דיא שארף פון דעם שווערד: 15 אונד דיא קנעכט פון דעם מלך האבען געזאגט צו דעם מלך, זעה, אין אלעם וואס מיין האר דער מלך וועט אויסדערוויילען (זענען מיר) דיינע קנעכט: 16 אונד דער מלך אונד זיין גאנץ הויזגעזינד זענען ארויסגעגאנגען צו פוס, אונד דער מלך האט פערלאזען דיא צעהן קעבסווייבער דאס הויז צו היטען: 17 אונד דער מלך אונד דאס גאנצע פאלק זענען ארויסגעגאנגען, אונד זייא האבען זיך געשטעלט אין א הויז פון ווייטען: 18 אונד אלע זיינע קנעכט זענען אן זיינע זייט אריבערגעגאנגען, אונד אלע בויגען־שיסער אונד שליידער ווערפערס, אונד אלע (לייט) פון גת, זעכס הונדערט מאן וואס זענען געקומען אוים גת צו פוס, זענען אריבערגעגאנגען פאר דעם מלך: 19 אזוי האט דער מלך געזאגט צו אתי אוים גת, פארוואס גייסט דוא אויך מיט אונס? קעהר צוריק צו דיין ארט אונד בלייב מיט דעם מלך, ווארין דוא ביזט א פרעמדער, אונד ביזט א פערטריבענער: 20 נעכטען ביזט דוא ערשט אנגעקומען, אונד זאל איך דיך היינט לאזען מיט אונס ארומגיין? איך קען זיין אוואו איך וויל אהינגיין; קעהר דוא צוריק אונד נעם דיינע ברידער מיט דיר צוריק, אונד לאז מיט דיר זיין חסד אונד וואהרהייט: 21 אונד אתי האט דעם מלך געענטפערט, אונד געזאגט, אזוי וויא גאט לעבט, אונד אזוי וויא מיין האר דער מלך לעבט, נייערט אין וועלכען ארט אוואו מיין האר דער מלך וועט דארט זיין—אום צו שטערבען אדער צו לעבען—דארט וועט דיין קנעכט אויך זיין: 22 אונד דוד האט געזאגט צו אתי, גייא אונד פאהר איבער; אזוי איז אתי הגתי איבערגעפאהרען מיט אלע לייטע, אונד אלעם קליינגעזינד וואס איז מיט איהם געוועזען: 23 אונד אלע לייט פון דעם לאנד האבען געוויינט מיט א גרוים קול, אונד דאס גאנצע פאלק איז אריבערגעגאנגען, אונד דער מלך איז אריבערגעגאנגען איבער דעם טייך קדרון, אונד דאס גאנצע פאלק איז אריבערגעגאנגען אויף דעם וועג צו דער מדבר צו: 24 אונד זעה, אויך צדוק אונד אלע לוים מיט איהם האבען געטראגען דעם ארון פון דעם ברית פון גאט, אונד אביתר איז ארויפגעגאנגען ביז דאס גאנצע פאלק פון דער שטאט האט געענדיגט אריבערצוגיין: 25 אונד דער מלך האט געזאגט צו צדוק קעהר צוריק דעם ארון פון גאט אין דיא שטאט אריין, ווען איך וועל געפינען חן אין דיא אויגען פון גאט אזוי וועט ער מיך צוריקברענגען

23 יְהוָה: וַיֹּאמֶר דָּוִד מַה־לִּי וְלָכֶם בְּנֵי צְרוּיָה כִּי־תִהְיוּ־לִי
הַיּוֹם לְשָׂטָן הַיּוֹם יוּמַת אִישׁ בְּיִשְׂרָאֵל כִּי הֲלוֹא יָדַעְתִּי
24 כִּי הַיּוֹם אֲנִי־מֶלֶךְ עַל־יִשְׂרָאֵל: וַיֹּאמֶר הַמֶּלֶךְ אֶל־שִׁמְעִי
כה לֹא תָמוּת וַיִּשָּׁבַע לוֹ הַמֶּלֶךְ: וּמְפִבֹשֶׁת בֶּן־שָׁאוּל
יָרַד לִקְרַאת הַמֶּלֶךְ וְלֹא־עָשָׂה רַגְלָיו וְלֹא־עָשָׂה שְׂפָמוֹ
וְאֶת־בְּגָדָיו לֹא כִבֵּס לְמִן־הַיּוֹם לֶכֶת הַמֶּלֶךְ עַד־הַיּוֹם
26 אֲשֶׁר־בָּא בְשָׁלוֹם: וַיְהִי כִּי־בָא יְרוּשָׁלַם לִקְרַאת הַמֶּלֶךְ
27 וַיֹּאמֶר לוֹ הַמֶּלֶךְ לָמָּה לֹא־הָלַכְתָּ עִמִּי מְפִיבֹשֶׁת: וַיֹּאמַר
אֲדֹנִי הַמֶּלֶךְ עַבְדִּי רִמָּנִי כִּי־אָמַר עַבְדְּךָ אֶחְבְּשָׁה־לִּי
הַחֲמוֹר וְאֶרְכַּב עָלֶיהָ וְאֵלֵךְ אֶת־הַמֶּלֶךְ כִּי פִסֵּחַ עַבְדֶּךָ:
28 וַיְרַגֵּל בְּעַבְדְּךָ אֶל־אֲדֹנִי הַמֶּלֶךְ וַאדֹנִי הַמֶּלֶךְ כְּמַלְאַךְ
29 הָאֱלֹהִים וַעֲשֵׂה הַטּוֹב בְּעֵינֶיךָ: כִּי לֹא הָיָה כָּל־בֵּית
אָבִי כִּי אִם־אַנְשֵׁי־מָוֶת לַאדֹנִי הַמֶּלֶךְ וַתָּשֶׁת אֶת־עַבְדְּךָ
בְּאֹכְלֵי שֻׁלְחָנֶךָ וּמַה־יֶּשׁ־לִי עוֹד צְדָקָה וְלִזְעֹק עוֹד אֶל־
ל הַמֶּלֶךְ: וַיֹּאמֶר לוֹ הַמֶּלֶךְ לָמָּה תְּדַבֵּר עוֹד דְּבָרֶיךָ
31 אָמַרְתִּי אַתָּה וְצִיבָא תַּחְלְקוּ אֶת־הַשָּׂדֶה: וַיֹּאמֶר מְפִיבֹשֶׁת
אֶל־הַמֶּלֶךְ גַּם אֶת־הַכֹּל יִקָּח אַחֲרֵי אֲשֶׁר־בָּא אֲדֹנִי הַמֶּלֶךְ
32 בְּשָׁלוֹם אֶל־בֵּיתוֹ: וּבַרְזִלַּי הַגִּלְעָדִי יָרַד מֵרֹגְלִים
33 וַיַּעֲבֹר אֶת־הַמֶּלֶךְ הַיַּרְדֵּן לְשַׁלְּחוֹ אֶת־בַּיַּרְדֵּן: וּבַרְזִלַּי זָקֵן
מְאֹד בֶּן־שְׁמֹנִים שָׁנָה וְהוּא־כִלְכַּל אֶת־הַמֶּלֶךְ בְּשִׁיבָתוֹ
34 בְּמַחֲנַיִם כִּי־אִישׁ גָּדוֹל הוּא מְאֹד: וַיֹּאמֶר הַמֶּלֶךְ אֶל־
בַּרְזִלָּי אַתָּה עֲבֹר אִתִּי וְכִלְכַּלְתִּי אֹתְךָ עִמָּדִי בִּירוּשָׁלָם:
לה וַיֹּאמֶר בַּרְזִלַּי אֶל־הַמֶּלֶךְ כַּמָּה יְמֵי שְׁנֵי חַיַּי כִּי־אֶעֱלֶה
36 אֶת־הַמֶּלֶךְ יְרוּשָׁלָם: בֶּן־שְׁמֹנִים שָׁנָה אָנֹכִי הַיּוֹם הַאֵדַע
בֵּין־טוֹב לְרָע אִם־יִטְעַם עַבְדְּךָ אֶת־אֲשֶׁר אֹכַל וְאֶת־אֲשֶׁר
אֶשְׁתֶּה אִם־אֶשְׁמַע עוֹד בְּקוֹל שָׁרִים וְשָׁרוֹת וְלָמָּה יִהְיֶה
37 עַבְדְּךָ עוֹד לְמַשָּׂא אֶל־אֲדֹנִי הַמֶּלֶךְ: כִּמְעַט יַעֲבֹר עַבְדְּךָ

פוּן יְהוָֹה? 23 אוּנְד דָוִד הָאט גֶעזָאגְט, וָואס הָאבּ אִיךְ מִיט אֵייךְ צוּ טְהוּן, אִיהְר זִיהְן פוּן צְרוּיָה, אַז אִיהְר זָאלְט צוּ מִיר הֵיינְט זַיין אַלְס אַ שָׂטָן? זָאל דֶען הֵיינְט אַ מַאן אִין יִשְׂרָאֵל גֶעטֵייט וֶוערֶען? ווייס אִיךְ דֶען נִיט אַז אִיךְ בִּין הֵיינְט אַ מֶלֶךְ אִיבֶּער יִשְׂרָאֵל? 24 אוּנְד דֶער מֶלֶךְ הָאט גֶעזָאגְט צוּ שִׁמְעִי, דוּא זָאלְסְט נִיט גֶעטֵייט וֶוערֶען, אוּנְד דֶער מֶלֶךְ הָאט צוּ אִיהְם גֶעשְׁוְואוֹירֶען: 25 אוּנְד מְפִיבֹשֶׁת, זוּהְן פוּן שָׁאוּל אִיז אַרוּפְּגֶעקוּמֶען דֶעם מֶלֶךְ אַנְטְקֶעגֶען, אָבֶּער עֶר הָאט נִיט אָנְגֶעבְּרֵייט זַיינֶע פִּיס אוּנְד עֶר הָאט אוֹיךְ נִיט אָפְּגֶעשׁוֹירֶען זַיין בָּארְט, אוּנְד עֶר הָאט אוֹיךְ נִיט גֶעוַואשֶׁען זַיינֶע קְלֵיידֶער פוּן דֶעם טָאג אָן וֶוען דֶער מֶלֶךְ אִיז אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען בִּיז צוּ דֶעם טָאג וֶוען עֶר אִיז צוּרִיקְגֶעקוּמֶען בְּשָׁלוֹם: 26 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען וֶוען עֶר אִיז גֶעקוּמֶען קֵיין יְרוּשָׁלַיִם צוּ בֶּעגֶעגְנֶען דֶעם מֶלֶךְ, אַזוֹי הָאט דֶער מֶלֶךְ צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט וַוארוּם בִּיזְט דוּא נִיט מִיט מִיר גֶעגַאנְגֶען, מְפִיבֹשֶׁת? 27 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, מֵיין הַאר קֶענִיג, מֵיין קְנֶעכְט הָאט מִיךְ גֶענַארְט, וָוארִין דֵיין קְנֶעכְט הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ וֶועל מִיר זָאטֶעלְן אֵיין אֵייזֶעל, אוּנְד וֶועל אוֹיף אִיהְר רֵייטֶען, אוּנְד גֵייען צוּ דֶעם מֶלֶךְ, ווייל דֵיין קְנֶעכְט אִיז אַ לָאמֶער: 28 אוּנְד עֶר הָאט רְכִילוּת גֶעזָאגְט אוֹיף דֵיין קְנֶעכְט צוּ מֵיין הַאר דֶעם מֶלֶךְ, אָבֶּער מֵיין הַאר דֶער מֶלֶךְ אִיז וִויא אַ מַלְאָךְ פוּן גָאט, טְהוּא דָאךְ וָואס אִיז גוּט אִין דֵיינֶע אוֹיגֶען: 29 וָוארִין אַלֶע אִין מֵיין גַאנְצֶען פָּאטֶער'ס הוֹיזְגֶעזִינְד זֶענֶען נָאר חַיָּיב מִיתָה צוּ מֵיין הַאר דֶעם מֶלֶךְ, אוּנְד דָאךְ הָאסְט דוּא דֵיין קְנֶעכְט גֶעמַאכְט עֶסֶען פוּן דֵיין טִישׁ, אוּנְד וָואס פַאר אַ רֶעכְט הָאבּ אִיךְ נָאךְ צוּ שְׁרֵייעֶן צוּ דֶעם מֶלֶךְ: 30 אוּנְד דֶער מֶלֶךְ הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, פַארְוָואס רֶעדְסְט דוּא נָאךְ וֶועגֶען דֵיינֶע זַאכֶען? אִיךְ הָאבּ גֶעזָאגְט אַז דוּא אוּנְד צִיבָא אִיהְר זָאלְט אֵייךְ טֵיילֶען דָאס לַאנְד: 31 אוּנְד מְפִיבֹשֶׁת הָאט גֶעזָאגְט צוּ דֶעם מֶלֶךְ, לָאז אִיהְם דָאךְ דָאס גַאנְצֶע נֶעמֶען, וָוארִין ווייל מֵיין הַאר דֶער מֶלֶךְ אִיז גֶעקוּמֶען בְּשָׁלוֹם צוּ זַיין הוֹיז: 32 אוּנְד בַּרְזִלַי פוּן גִלְעָד אִיז אַרוּפְּגֶעקוּמֶען פוּן רוֹגְלִים, אוּנְד עֶר אִיז מִיט דֶעם מֶלֶךְ אַרִיבֶּערְגֶעגַאנְגֶען אִיבֶּער דֶעם יַרְדֵן, אִיהְם צוּ בֶּעגְלֵייטֶען אִיבֶּער דֶעם יַרְדֵן: 33 אוּנְד בַּרְזִילַי אִיז גֶעוֶועזֶען זֶעהְר אַלְט,— עֶר אִיז אַכְטְצִיג יָאהְר אַלְט גֶעוֶועזֶען—אוּנְד עֶר הָאט דֶעם מֶלֶךְ גֶעשְׁפֵּייזְט וֶוען עֶר אִיז גֶעבְּלִיבֶּען אִין מַחֲנַיִם, וָוארִין עֶר אִיז גֶעוֶועזֶען אַ זֶעהְר גְרוֹיסֶער מַאן: 34 אַזוֹי הָאט דֶער מֶלֶךְ גֶעזָאגְט צוּ בַּרְזִלַי קוּם דוּא אַרִיבֶּער מִיט מִיר, אוּנְד דוּא זָאלְסְט בַּייא מִיר גֶעשְׁפֵּייזְט וֶוערֶען אִין יְרוּשָׁלַיִם: 35 אוּנְד בַּרְזִלַי הָאט גֶעזָאגְט צוּ דֶעם מֶלֶךְ, וִויא פִיל יָאהְר הָאבּ אִיךְ דֶען נָאךְ צוּ לֶעבֶּען, אַז אִיךְ זָאל אַרוֹיף גֵיין מִיט דֶעם מֶלֶךְ קֵיין יְרוּשָׁלַיִם? 36 אִיךְ בִּין הֵיינְט אַכְטְצִיג יָאהְר אַלְט, אוּנְד זָאל אִיךְ נָאךְ וִויסֶען צְוִוישֶׁען גוּטֶעס אוּנְד שְׁלֶעכְטֶעס? אָדֶער ווייס אִיךְ דֶען דֶעם טַעַם וָואס אִיךְ וֶועל עֶסֶען אָדֶער טְרִינְקֶען? אָדֶער קֶען אִיךְ נָאךְ הֶערֶען דָאס קוֹל פוּן דִיא זִינְגֶערְם אוּנְד זִינְגֶערִינְס? אוּנְד פַארְוָואס זָאל דֶען דֵיין קְנֶעכְט זַיין אַ לַאסְט צוּ מֵיין הַאר דֶעם מֶלֶךְ? 37 דֵיין קְנֶעכְט וֶועט נָאר

אֶת־הַיַּרְדֵּן אֶת־הַמֶּלֶךְ וְלָמָּה יִגְמְלֵנִי הַמֶּלֶךְ הַגְּמוּלָה
38 הַזֹּאת׃ יָשָׁב־נָא עַבְדְּךָ וְאָמֻת בְּעִירִי עִם קֶבֶר אָבִי וְאִמִּי
וְהִנֵּה ׀ עַבְדְּךָ כִמְהָם יַעֲבֹר עִם־אֲדֹנִי הַמֶּלֶךְ וַעֲשֵׂה־לוֹ
39 אֵת אֲשֶׁר־טוֹב בְּעֵינֶיךָ׃ וַיֹּאמֶר הַמֶּלֶךְ אִתִּי יַעֲבֹר כִּמְהָם
וַאֲנִי אֶעֱשֶׂה־לּוֹ אֶת־הַטּוֹב בְּעֵינֶיךָ וְכֹל אֲשֶׁר־תִּבְחַר עָלַי
ם אֶעֱשֶׂה־לָּךְ׃ וַיַּעֲבֹר כָּל־הָעָם אֶת־הַיַּרְדֵּן וְהַמֶּלֶךְ עָבָר וַיִּשַּׁק
41 הַמֶּלֶךְ לְבַרְזִלַּי וַיְבָרְכֵהוּ וַיָּשָׁב לִמְקֹמוֹ׃ וַיַּעֲבֹר הַמֶּלֶךְ
הַגִּלְגָּלָה וְכִמְהָן עָבַר עִמּוֹ וְכָל־עַם יְהוּדָה וַיַּעֲבִירוּ אֶת־
42 הַמֶּלֶךְ וְגַם חֲצִי עַם יִשְׂרָאֵל׃ וְהִנֵּה כָּל־אִישׁ יִשְׂרָאֵל
בָּאִים אֶל־הַמֶּלֶךְ וַיֹּאמְרוּ אֶל־הַמֶּלֶךְ מַדּוּעַ גְּנָבוּךָ אַחֵינוּ
אִישׁ יְהוּדָה וַיַּעֲבִרוּ אֶת־הַמֶּלֶךְ וְאֶת־בֵּיתוֹ אֶת־הַיַּרְדֵּן
43 וְכָל־אַנְשֵׁי דָוִד עִמּוֹ׃ וַיַּעַן כָּל־אִישׁ יְהוּדָה עַל־אִישׁ
יִשְׂרָאֵל כִּי־קָרוֹב הַמֶּלֶךְ אֵלַי וְלָמָּה זֶּה חָרָה לְךָ עַל־
הַדָּבָר הַזֶּה הֶאָכוֹל אָכַלְנוּ מִן־הַמֶּלֶךְ אִם־נִשֵּׂאת נִשָּׂא לָנוּ׃
44 וַיַּעַן אִישׁ־יִשְׂרָאֵל אֶת־אִישׁ יְהוּדָה וַיֹּאמֶר עֶשֶׂר
יָדוֹת לִי בַמֶּלֶךְ וְגַם־בְּדָוִד אֲנִי מִמְּךָ וּמַדּוּעַ הֱקִלֹּתַנִי וְלֹא־
הָיָה דְבָרִי רִאשׁוֹן לִי לְהָשִׁיב אֶת־מַלְכִּי וַיִּקֶשׁ דְּבַר־אִישׁ
יְהוּדָה מִדְּבַר אִישׁ יִשְׂרָאֵל׃

## כ

כ ׀

א וְשָׁם נִקְרָא אִישׁ בְּלִיַּעַל וּשְׁמוֹ שֶׁבַע בֶּן־בִּכְרִי אִישׁ יְמִינִי
וַיִּתְקַע בַּשֹּׁפָר וַיֹּאמֶר אֵין־לָנוּ חֵלֶק בְּדָוִד וְלֹא נַחֲלָה־
2 לָנוּ בְּבֶן־יִשַׁי אִישׁ לְאֹהָלָיו יִשְׂרָאֵל׃ וַיַּעַל כָּל־אִישׁ יִשְׂרָאֵל
מֵאַחֲרֵי דָוִד אַחֲרֵי שֶׁבַע בֶּן־בִּכְרִי וְאִישׁ יְהוּדָה דָּבְקוּ
3 בְמַלְכָּם מִן־הַיַּרְדֵּן וְעַד־יְרוּשָׁלִָם׃ וַיָּבֹא דָוִד אֶל־בֵּיתוֹ
יְרוּשָׁלִַם וַיִּקַּח הַמֶּלֶךְ אֵת עֶשֶׂר־נָשִׁים ׀ פִּלַגְשִׁים אֲשֶׁר
הִנִּיחַ לִשְׁמֹר הַבַּיִת וַיִּתְּנֵם בֵּית־מִשְׁמֶרֶת וַיְכַלְכְּלֵם
וַאֲלֵיהֶם לֹא־בָא וַתִּהְיֶינָה צְרֻרוֹת עַד־יוֹם מֻתָן אַלְמְנוּת

מיט דעם מֶלֶךְ אַריבּער גייז איבּער דעם יַרְדֵן אַ שטיקעל וועג, אוּנד פַארְוָואס זָאל מיר דער מֶלֶךְ בּעצָאלען מיט אַזַא שָׂכָר? 38 לָאז דָאךְ דיין קְנעכט צוּריק־גיין אַז איךְ זָאל שְׁטַארְבּען אין מיינע שְׁטָאט, אוּנד בּעגְרָאבּען ווערען אין דעם קֶבֶר פוּן מיין פָּאטער אוּנד מוּטער, אָבּער זעה דיין קְנעכט כִּמְהָם, לָאז ער אַריבּערגיין מיט מיין הַאר דעם מֶלֶךְ, אוּנד טְהוּא צוּ איהם וָואס איז גוּט אין דיינע אויגען: 39 אוּנד דער מֶלֶךְ הָאט געזָאגט, כִּמְהָם זָאל מיט מיר אַריבּערגיין, אוּנד איךְ וועל טְהוּן וָואס איז גוּט אין דיינע אויגען, אוּנד אַלעס וָואס דוּא ועסט דיר אויסְדערְוויילען וועל איךְ צוּ דיר טְהוּן: 40 אוּנד דָאס גַאנְצע פָּאלְק איז אַריבּערגעגַאנְגען דעם יַרְדֵן, אוּנד ווען דער מֶלֶךְ איז אַריבּערגעגַאנְגען, אַזוֹי הָאט דער מֶלֶךְ געקישט דעם בַּרְזִלַי, אוּנד ער הָאט איהם געבּענְשט, אוּנד ער איז צוּריקגעגַאנְגען צוּ זיין אָרְט: 41 אוּנד דער מֶלֶךְ איז אַריבּערגעגַאנְגען קיין גִלְגָל, אוּנד כִּמְהָם איז מיט איהם אַריבּערגעגַאנְגען, אוּנד דָאס גַאנְצע פָּאלְק יְהוּדָה הָאט אַריבּערגעבּראַכְט דעם מֶלֶךְ, אוּנד אויךְ דָאס הַאלְבּע פָּאלְק פוּן יִשְׂרָאֵל: 42 אוּנד זעה, אַלע מענער פוּן יִשְׂרָאֵל זענען געקוּמען צוּ דעם מֶלֶךְ, אוּנד זייא הָאבּען געזָאגְט צוּ דעם מֶלֶךְ, פַארְוָואס הָאבּען דיךְ אוּנְזערע בְּרידער, דיא מענער פוּן יְהוּדָה אַוועק געגַנְבֶעט, אוּנד הָאבּען אַריבּערגעפיהרט דעם מֶלֶךְ אוּנד זיין הויזגעזינְד איבּער דעם יַרְדֵן, אוּנד אַלע מענער פוּן דָוִד מיט איהם? 43 אוּנד אַלע מענער פוּן יְהוּדָה הָאבּען געענְטפערט צוּ דיא מענער פוּן יִשְׂרָאֵל, ווייל דער מֶלֶךְ איז אַ קָרוֹב צוּ מיר, אָבּער פַארְוָואס גְרימְט עס דיךְ איבּער דער דָאזיגער זַאךְ? הָאבּען מיר דען געגעסען אויף דעם מֶלֶךְ'ס קָאסְטען? אָדער הָאט ער אוּנְס געגעבּען מַתָּנוֹת? 44 אַזוֹי הָאבּען דיא מענער פוּן יִשְׂרָאֵל געענְטפערט צוּ דיא מענער פוּן יְהוּדָה, אוּנד געזָאגְט, מיר הָאבּען צעהְן חֲלָקִים אין דעם מַלְכוּת, אוּנד מיר הָאבּען אויךְ מעהר רעכְט אין דָוִד דען איהר, אוּנד פַארְוָואס הָאט איהר אוּנְס לייכְט געהַאלְטען, אַז איהר הָאט ניט אוּנְזערע עֵצָה צוּערְשְׁט גענוּמען כְּדֵי אוּנְזער מֶלֶךְ צוּריק צוּ בְּרענְגען? אוּנד דיא ווערְטער פוּן דיא מענער פוּן יְהוּדָה זענען שְׁטַארְקער געוועזען וויא דיא ווערְטער פוּן דיא מענער פוּן יִשְׂרָאֵל:

## קאפיטעל כ

1 אוּנד עס הָאט זיךְ דָארְטען געטְרָאפען אַ שְׁלעכְטער מַאן, אוּנד ער הָאט געהייסען שֶׁבַע זוּהְן פוּן בִּכְרִי, פוּן שֵׁבֶט בִּנְיָמִן, אוּנד ער הָאט שׁוֹפָר געבְּלָאזען, אוּנד הָאט געזָאגְט, מיר הָאבּען קיין חֵלֶק אין דָוִד, אוּנד עס איז ניט דָא צוּ אוּנְס אַ נַחֲלָה אין דעם זוּהְן פוּן יִשַׁי, גייט איטְליכער צוּ זיין געצעלְט, אָ איהר יִשְׂרָאֵל! 2 אַזוֹי איז איטְליכער מַאן פוּן יִשְׂרָאֵל אַרוֹיפגעגַאנְגען פוּן הינְטער דָוִד, אוּנד איז נָאכְגעגַאנְגען שֶׁבַע זוּהְן פוּן בִּכְרִי, אָבּער דיא מענער פוּן יְהוּדָה הָאבּען זיךְ בּעהעפְט אָן זייער מֶלֶךְ, פוּן דעם יַרְדֵן אָן בּיז קיין יְרוּשָׁלַיִם: 3 אוּנד דָוִד איז אָנגעקוּמען צוּ זיין הויז אין יְרוּשָׁלַיִם, אוּנד דער מֶלֶךְ הָאט גענוּמען דיא צעהְן קעבְסְווייבּער וָואס ער הָאט איבּערגעלָאזְט צוּ היטען דָאס הויז, אוּנד ער הָאט זייא געשְׁפּייזְט, אָבּער ער איז ניט צוּ זייא אַריינגעקוּמען, אוּנד זייא זענען געוועזען פערְבּוּנְדען בּיז צוּ דעם טָאג פוּן זייער טוֹיט, זייא הָאבּען געלעבְּט וויא אַלְמָנוֹת;

אוּנד

4 חַיּוֹת׃ וַיֹּאמֶר הַמֶּלֶךְ אֶל־עֲמָשָׂא הַזְעֶק־לִי אֶת־אִישׁ־
ה יְהוּדָה שְׁלֹשֶׁת יָמִים וְאַתָּה פֹּה עֲמֹד׃ וַיֵּלֶךְ עֲמָשָׂא
6 לְהַזְעִיק אֶת־יְהוּדָה וַיּוֹחֶר מִן־הַמּוֹעֵד אֲשֶׁר יְעָדוֹ׃ וַיֹּאמֶר
דָּוִד אֶל־אֲבִישַׁי עַתָּה יֵרַע לָנוּ שֶׁבַע בֶּן־בִּכְרִי מִן־אַבְשָׁלוֹם
אַתָּה קַח אֶת־עַבְדֵי אֲדֹנֶיךָ וּרְדֹף אַחֲרָיו פֶּן־מָצָא לוֹ
7 עָרִים בְּצֻרוֹת וְהִצִּיל עֵינֵנוּ׃ וַיֵּצְאוּ אַחֲרָיו אַנְשֵׁי יוֹאָב
וְהַכְּרֵתִי וְהַפְּלֵתִי וְכָל־הַגִּבֹּרִים וַיֵּצְאוּ מִירוּשָׁלַםִ לִרְדֹּף
8 אַחֲרֵי שֶׁבַע בֶּן־בִּכְרִי׃ הֵם עִם־הָאֶבֶן הַגְּדוֹלָה אֲשֶׁר
בְּגִבְעוֹן וַעֲמָשָׂא בָּא לִפְנֵיהֶם וְיוֹאָב חָגוּר ׀ מִדּוֹ לְבֻשׁוֹ
וְעָלָו חֲגוֹר חֶרֶב מְצֻמֶּדֶת עַל־מָתְנָיו בְּתַעְרָהּ וְהוּא יָצָא
9 וַתִּפֹּל׃ וַיֹּאמֶר יוֹאָב לַעֲמָשָׂא הֲשָׁלוֹם אַתָּה אָחִי וַתֹּחֶז
י יַד־יְמִין יוֹאָב בִּזְקַן עֲמָשָׂא לִנְשָׁק־לוֹ׃ וַעֲמָשָׂא לֹא־נִשְׁמַר
בַּחֶרֶב ׀ אֲשֶׁר בְּיַד־יוֹאָב וַיַּכֵּהוּ בָהּ אֶל־הַחֹמֶשׁ וַיִּשְׁפֹּךְ
מֵעָיו אַרְצָה וְלֹא־שָׁנָה לוֹ וַיָּמֹת וְיוֹאָב וַאֲבִישַׁי אָחִיו
11 רָדַף אַחֲרֵי שֶׁבַע בֶּן־בִּכְרִי׃ וְאִישׁ עָמַד עָלָיו מִנַּעֲרֵי יוֹאָב
וַיֹּאמֶר מִי אֲשֶׁר חָפֵץ בְּיוֹאָב וּמִי אֲשֶׁר־לְדָוִד אַחֲרֵי יוֹאָב׃
12 וַעֲמָשָׂא מִתְגֹּלֵל בַּדָּם בְּתוֹךְ הַמְסִלָּה וַיַּרְא הָאִישׁ כִּי־
עָמַד כָּל־הָעָם וַיַּסֵּב אֶת־עֲמָשָׂא מִן־הַמְסִלָּה הַשָּׂדֶה וַיַּשְׁלֵךְ
13 עָלָיו בֶּגֶד כַּאֲשֶׁר רָאָה כָּל־הַבָּא עָלָיו וְעָמָד׃ כַּאֲשֶׁר
הֹגָה מִן־הַמְסִלָּה עָבַר כָּל־אִישׁ אַחֲרֵי יוֹאָב לִרְדֹּף
14 אַחֲרֵי שֶׁבַע בֶּן־בִּכְרִי׃ וַיַּעֲבֹר בְּכָל־שִׁבְטֵי יִשְׂרָאֵל אָבֵלָה
וּבֵית מַעֲכָה וְכָל־הַבֵּרִים וַיִּקָּלֲהוּ וַיָּבֹאוּ אַף־אַחֲרָיו׃
טו וַיָּבֹאוּ וַיָּצֻרוּ עָלָיו בְּאָבֵלָה בֵּית הַמַּעֲכָה וַיִּשְׁפְּכוּ סֹלְלָה
אֶל־הָעִיר וַתַּעֲמֹד בַּחֵל וְכָל־הָעָם אֲשֶׁר אֶת־יוֹאָב
16 מַשְׁחִיתִם לְהַפִּיל הַחוֹמָה׃ וַתִּקְרָא אִשָּׁה חֲכָמָה מִן־
הָעִיר שִׁמְעוּ שִׁמְעוּ אִמְרוּ־נָא אֶל־יוֹאָב קְרַב עַד־הֵנָּה
17 וַאֲדַבְּרָה אֵלֶיךָ׃ וַיִּקְרַב אֵלֶיהָ וַתֹּאמֶר הָאִשָּׁה הַאַתָּה

4 אוּנְד דֶער מֶלֶךְ הָאט גֶעזָאגְט צוּ עֲמָשָׂא, זַאמֶעל צוּ מִיר דִיא מֶענְער פוּן יְהוּדָה אִין דְרַייא טֶעג, אוּנְד שְׁטֶעל דוּא דִיךְ אוֹיךְ דָא׃ 5 אַזוֹי אִיז עֲמָשָׂא אַהִינְגֶעגַאנְגֶען יְהוּדָה צוּ פֶערְזַאמֶעלְן, אָבֶּער עֶר הָאט זִיךְ בֶּעזוֹימְט לֶענְגֶער וִויא דִיא צַייט וָואס מֶען הָאט אִיהְם בֶּעשְׁטִימְט׃ 6 אוּנְד דָוִד הָאט גֶעזָאגְט צוּ אֲבִישַׁי, אַצוּנְד וֶועט אוּנְס שֶׁבַע זוּהְן פוּן בִּכְרִי שְׁלֶעכְטֶער טְהוּן וִויא אַבְשָׁלוֹם, נֶעם דִיא קְנֶעכְט פוּן דַיין הַאר אוּנְד יָאג אִיהְם נָאךְ, טָאמֶער וֶועט עֶר זִיךְ אוֹיסְגֶעפִינֶען פֶעסְטֶע שְׁטֶעט אוּנְד אַזוֹי וֶועט עֶר זִיךְ מַצִיל זַיין פָאר אוּנְזֶערֶע אוֹיגֶען׃ 7 אוּנְד יוֹאָב׳ס מֶענֶער זֶענֶען הִינְטֶער אִיהְם אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען, אוּנְד דִיא כְּרֵתִים אוּנְד דִיא פְּלֵתִים אוּנְד אַלֶע שְׁטַארְקֶע, אוּנְד זַייא זֶענֶען אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען אוֹיס יְרוּשָׁלַיִם נָאכְצוּיָאגֶען דֶעם שֶׁבַע זוּהְן פוּן בִּכְרִי׃ 8 וֶוען זַייא זֶענֶען גֶעוֶועזֶען בַּייא דֶעם גְרוֹיסֶען שְׁטֵיין וָואס אִיז אִין גִבְעוֹן, אַזוֹי אִיז עֲמָשָׂא פָאר זַייא גֶעקוּמֶען, אוּנְד יוֹאָב אִיז גֶעוֶועזֶען אָנְגֶעגַארְט, אָנְגֶעטְהוּן מִיט זַיין קְלֵייד, אוּנְד דַארִיבֶּער אִיז גֶעוֶועזֶען אָנְגֶעגִירְט אַ שְׁוֶוערְד, אוּנְד דָאס אִיז גֶעוֶועזֶען בֶּעהֶעפְט אוֹיף זַיינֶע לֶענְדֶען, מִיט דִיא שֵׁייד, אוּנְד אַלְס עֶר אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען אִיז עֶס גֶעפַאלֶען׃ 9 אוּנְד יוֹאָב הָאט גֶעזָאגְט צוּ עֲמָשָׂא, בִּיזְט דוּא אִין שָׁלוֹם, מֵיין בְּרוּדֶער? אוּנְד יוֹאָב הָאט אָנְגֶעגְרִיפֶען מִיט זַיינֶע רֶעכְטֶע הַאנְד דֶעם בָּארְט פוּן עֲמָשָׂא אוּם אִיהְם צוּ קִישֶׁען׃ 10 אָבֶּער עֲמָשָׂא הָאט זִיךְ נִיט גֶעהִיט פָאר דֶעם שְׁוֶוערְד וָואס אִיז גֶעוֶועזֶען אִין דִיא הַאנְד פוּן יוֹאָב, אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם דַאמִיט גֶעשְׁלָאגֶען אִין דֶער פִיפְטֶער רִיפּ, אוּנְד זַיינֶע גֶעדֶערְם זֶענֶען אוֹיסְגֶעגָאסֶען גֶעוָוארֶען אוֹיף דֶער עֶרְד, אוּנְד מֶען הָאט אִיהְם נִיט גֶעבְּרוֹיכְט נָאכְאַמָאל צוּ שְׁלָאגֶען, אוּנְד עֶר אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען, אוּנְד יוֹאָב אוּנְד זַיין בְּרוּדֶער אֲבִישַׁי הָאבֶּען נָאכְגֶעיָאגְט הִינְטֶער שֶׁבַע זוּהְן פוּן בִּכְרִי׃ 11 אוּנְד אֵיינֶער פוּן יוֹאָב׳ס מֶענֶער אִיז בַּייא אִיהְם שְׁטֵיין גֶעבְּלִיבֶּען, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, וֶוער הָאט לוּסְט אַן יוֹאָב, אוּנְד וֶוער עֶס אִיז פַאר דָוִד זָאל גֵיין הִינְטֶער יוֹאָב׃ 12 אוּנְד עֲמָשָׂא הָאט זִיךְ גֶעוַואלְגֶערְט אִין דֶעם בְּלוּט אוֹיף דֶעם וֶועג, אוּנְד וֶוען דֶער מַאן הָאט גֶעזֶעהֶען אַז דָאס גַאנְצֶע פָאלְק אִיז שְׁטֵיין גֶעבְּלִיבֶּען, אַזוֹי הָאבֶּען זַייא דֶעם עֲמָשָׂא אַוֶועקְגֶעקֶעהְרְט פוּן דֶעם וֶועג אִין דֶעם פֶעלְד, אוּנְד מֶען הָאט אִיבֶּער אִיהְם אַ קְלֵייד גֶעוָוארְפֶען וֶוען עֶר הָאט גֶעזֶעהֶען אַז אִיטְלִיכֶער וָואס אִיז בַּייא אִיהְם גֶעקוּמֶען אִיז שְׁטֵיין גֶעבְּלִיבֶּען׃ 13 וֶוען מֶען הָאט אִיהְם אַוֶועקְגֶענוּמֶען פוּן דֶעם וֶועג, אִיז אִיטְלִיכֶער מַאן אַרִיבֶּערְגֶעגַאנְגֶען הִינְטֶער יוֹאָב נָאכְצוּיָאגֶען הִינְטֶער שֶׁבַע זוּהְן פוּן בִּכְרִי׃ 14 אוּנְד עֶר אִיז דוּרְכְגֶעגַאנְגֶען אִין אַלֶע שְׁבָטִים פוּן יִשְׂרָאֵל, בִּיז קֵיין אָבֵל, אוּנְד בֵּית מַעֲכָה אוּנְד אִין דֶעם גַאנְצֶען לַאנְד פוּן דִיא בֵּרִים, אוּנְד זַייא הָאבֶּען זִיךְ פֶערְזַאמֶעלְט, אוּנְד זַייא זֶענֶען אוֹיךְ הִינְטֶער אִיהְם גֶעקוּמֶען׃ 15 אוּנְד זַייא זֶענֶען אָנְגֶעקוּמֶען אוּנְד הָאבֶּען אִיהְם בֶּעלַאגֶערְט אִין אָבֵל אוּנְד אִין בֵּית מַעֲכָה, אוּנְד זַייא הָאבֶּען אוֹיפְגֶעשִׁיט אַ שַׁאנְץ אַרוּם דִיא שְׁטָאט, אוּנְד זִיא אִיז גֶעשְׁטַאנֶען צְווִישֶׁען דִיא חַיָּלוֹת, אָבֶּער דָאס גַאנְצֶע פָאלְק וָואס אִיז גֶעוֶועזֶען מִיט יוֹאָב הָאבֶּען גֶעטְרַאכְט צוּ פֶערְדַארְבֶּען אוּנְד אַיינְצוּוַוארְפֶען דִיא מוֹיעֶר׃ 16 אוּנְד אַ קְלוּגֶע פְרוֹיא הָאט גֶערוּפֶען פוּן דֶער שְׁטָאט, הֶערְט, הֶערְט, אִיךְ בֶּעט אַייךְ זָאגְט צוּ יוֹאָב, גֶענֶעהְן דָא אַהֶער, אוּנְד אִיךְ וֶועל צוּ דִיר רֶעדֶען׃ 17 אוּנְד וֶוען עֶר אִיז נָאהֶענְט גֶעקוּמֶען, אַזוֹי הָאט דִיא פְרוֹיא גֶעזָאגְט, בִּיזְט דוּא

יואב? אונד ער האט געזאגט, איך בין עס, אזוי האט זיא צו איהם געזאגט, הער צו דיא רייד פון דיינע דינסטמויד, אונד ער האט געזאגט, איך הער: 18 אונד זיא האט אזוי געזאגט, פארצייטענס האט מען גערעדט אזוי צו זאגען, מען האט געווים געזאלט אנפרעגען אום שלום אין אבל, אונד מען העט דיא זאך פארטיג געמאכט: 19 איך בין פון דיא וואס האבען שלום אונד זענען בעגלייבט אין ישראל, דוא זוכסט צו טייטען א שטאט, אונד זיא איז א מוטער אין ישראל, פארוואס ווילסט דוא פערשלינגען דיא נחלה פון יהוה? 20 אונד יואב האט געענטפערט אונד געזאגט, חלילה, חלילה צו מיר, אויב איך וועל פערשלינגען אונד אויב איך וועל פערדארבען: 21 דיא זאך איז ניט אזוי, נייערט א מאן פון דעם בארג אפרים, שבע זוהן פון בכרי האט אויפגעהויבען זיינע האנד קעגען דעם מלך דוד, איהם אליין געב אונס, אונד איך וועל אוועקגיין פון דער שטאט; אונד דיא פרויא האט געזאגט צו יואב, זעה, זיין קאפ זאל צו דיר געווארפען ווערען איבער דיא מויער:

יואב ויאמר אני ותאמר לו שמע דברי אמתך ויאמר
שמע אנכי: ותאמר לאמר דבר ידברו בראשנה לאמר 18
שאול ישאלו באבל וכן התמו: אנכי שלמי אמוני 19
ישראל אתה מבקש להמית עיר ואם בישראל למה
תבלע נחלת יהוה: ויען יואב ויאמר חלילה חלילה כ
לי אם־אבלע ואם־אשחית: לא־כן הדבר כי איש מהר 21
אפרים שבע בן־בכרי שמו נשא ידו במלך בדוד תנו
אתו לבדו ואלכה מעל העיר ותאמר האשה אל־יואב
הנה ראשו משלך אליך בעד החומה: ותבוא האשה 22
אל־כל־העם בחכמתה ויכרתו את־ראש שבע בן־בכרי
וישלכו אל־יואב ויתקע בשופר ויפצו מעל־העיר איש
לאהליו ויואב שב ירושלם אל־המלך: ויואב אל 23
כל־הצבא ישראל ובניה בן־יהוידע על־הכרי ועל־
הפלתי: ואדרם על־המס ויהושפט בן־אחילוד המזכיר: 24
ושיא ספר וצדוק ואביתר כהנים: וגם עירא היארי היה כה 26
כהן לדוד:

## כא

כא

ויהי רעב בימי דוד שלש שנים שנה אחרי שנה ויבקש א
דוד את־פני יהוה ויאמר יהוה אל־שאול
ואל־בית הדמים על אשר־המית את־הגבענים: ויקרא 2
המלך לגבענים ויאמר אליהם והגבענים לא מבני ישראל
המה כי אם־מיתר האמרי ובני ישראל נשבעו להם
ויבקש שאול להכתם בקנאתו לבני־ישראל ויהודה:
ויאמר דוד אל־הגבענים מה אעשה לכם ובמה אכפר 3
וברכו את־נחלת יהוה: ויאמרו לו הגבענים אין־לי 4
כסף וזהב עם־שאול ועם־ביתו ואין־לנו איש להמית
בישראל ויאמר מה־אתם אמרים אעשה לכם: ויאמרו ה

22 אונד דיא פרויא איז געקומען צו דעם גאנצען פאלק מיט איהרע חכמה, אונד זייא האבען אפגעשניטען דעם קאפ פון שבע זוהן פון בכרי, אונד זייא האבען איהם געווארפען צו יואב, אונד ווען ער האט שופר געבלאזען אזוי האבען זייא זיך פערשפרייט פון דער שטאט איטליכער צו זיין געצעלט, אונד יואב האט צוריקגעקעהרט צו דעם מלך קיין ירושלים: 23 אונד יואב איז געוועזען איבער דעם גאנצען חיל פון ישראל, אונד בניה זוהן פון יהוידע וואר איבער דיא כרתי אונד איבער דיא פלתי: 24 אונד אדורם איז געוועזען איבער דעם מס, אונד יהושפט זוהן פון אחילוד איז געוועזען דער מזכיר: 25 אונד שוא איז געוועזען דער סופר, אונד צדוק אונד אביתר דיא כהנים: 26 אונד אויך עירא אוים יאיר איז געוועזען א כהן צו דוד:

## קאפיטעל כא

1 אונד עס איז געוועזען א הונגער אין דיא טעג פון דוד דרייא יאהר, איין יאהר נאך דעם אנדערן יאהר, אונד דוד האט געזוכט דאס פנים פון גאט, אונד גאט האט געזאגט, עס איז וועגען שאול אונד וועגען זיין בלוטשולדיגעס הויז, ווייל ער האט געהרגעט דיא גבעונים: 2 אונד דער מלך האט גערופען דיא גבעונים אונד ער האט צו זייא געזאגט — דיא גבעונים זענען ניט געוועזען פון דיא קינדער ישראל, נייערט פון דיא איבערבלייבונג פון אמרי, אונד דיא קינדער ישראל האבען צו זייא געשווארען, אבער שאול האט זייא בעגעהרט צו שלאגען וועגען זיינע קנאה וואס ער האט געהאט צו דיא קינדער ישראל אונד יהודה: 3 אונד דוד האט געזאגט צו דיא גבעונים, וואס זאל איך צו אייך טהון? אונד מיט וואס זאל איך מכפר זיין אז איהר זאלט בענשען דיא נחלה פון גאט? 4 אונד דיא גבעונים האבען צו איהם געזאגט, מיר האבען ניט צו טהון מיט שאול אונד זיין הויזגעזינד וועגען זילבער אונד גאלד, אונד עס איז ניט צו אונס אז מען זאל טייטען א מאן אין ישראל אונד ער האט געזאגט, וואס זאגט איהר אז איך זאל צו אייך טהון? 5 אונד זייא האבען געזאגט

אֶל־הַמֶּלֶךְ הָאִישׁ אֲשֶׁר כִּלָּנוּ וַאֲשֶׁר דִּמָּה־לָנוּ נִשְׁמַדְנוּ
6 מֵהִתְיַצֵּב בְּכָל־גְּבֻל יִשְׂרָאֵל׃ יֻתַּן־לָנוּ שִׁבְעָה אֲנָשִׁים
מִבָּנָיו וְהוֹקַעֲנוּם לַיהוָה בְּגִבְעַת שָׁאוּל בְּחִיר יְהוָה
7 וַיֹּאמֶר הַמֶּלֶךְ אֲנִי אֶתֵּן׃ וַיַּחְמֹל הַמֶּלֶךְ עַל־מְפִיבֹשֶׁת
בֶּן־יְהוֹנָתָן בֶּן־שָׁאוּל עַל־שְׁבֻעַת יְהוָה אֲשֶׁר בֵּינֹתָם בֵּין
8 דָּוִד וּבֵין יְהוֹנָתָן בֶּן־שָׁאוּל׃ וַיִּקַּח הַמֶּלֶךְ אֶת־שְׁנֵי בְּנֵי
רִצְפָּה בַת־אַיָּה אֲשֶׁר יָלְדָה לְשָׁאוּל אֶת־אַרְמֹנִי וְאֶת־
מְפִבֹשֶׁת וְאֶת־חֲמֵשֶׁת בְּנֵי מִיכַל בַּת־שָׁאוּל אֲשֶׁר יָלְדָה
9 לְעַדְרִיאֵל בֶּן־בַּרְזִלַּי הַמְּחֹלָתִי׃ וַיִּתְּנֵם בְּיַד הַגִּבְעֹנִים
וַיֹּקִיעֻם בָּהָר לִפְנֵי יְהוָה וַיִּפְּלוּ שְׁבַעְתָּים יָחַד וְהֵם הֻמְתוּ
בִּימֵי קָצִיר בָּרִאשֹׁנִים תְּחִלַּת קְצִיר שְׂעֹרִים׃ וַתִּקַּח
רִצְפָּה בַת־אַיָּה אֶת־הַשַּׂק וַתַּטֵּהוּ לָהּ אֶל־הַצּוּר מִתְּחִלַּת
קָצִיר עַד נִתַּךְ־מַיִם עֲלֵיהֶם מִן־הַשָּׁמָיִם וְלֹא־נָתְנָה עוֹף
הַשָּׁמַיִם לָנוּחַ עֲלֵיהֶם יוֹמָם וְאֶת־חַיַּת הַשָּׂדֶה לָיְלָה׃
11 וַיֻּגַּד לְדָוִד אֵת אֲשֶׁר־עָשְׂתָה רִצְפָּה בַת־אַיָּה
12 פִּלֶגֶשׁ שָׁאוּל׃ וַיֵּלֶךְ דָּוִד וַיִּקַּח אֶת־עַצְמוֹת שָׁאוּל וְאֶת־
עַצְמוֹת יְהוֹנָתָן בְּנוֹ מֵאֵת בַּעֲלֵי יָבֵישׁ גִּלְעָד אֲשֶׁר גָּנְבוּ
אֹתָם מֵרְחֹב בֵּית־שַׁן אֲשֶׁר תְּלָוּם שָׁם הַפְּלִשְׁתִּים בְּיוֹם
13 הַכּוֹת פְּלִשְׁתִּים אֶת־שָׁאוּל בַּגִּלְבֹּעַ׃ וַיַּעַל מִשָּׁם אֶת־
עַצְמוֹת שָׁאוּל וְאֶת־עַצְמוֹת יְהוֹנָתָן בְּנוֹ וַיַּאַסְפוּ אֶת־עַצְמוֹת
14 הַמּוּקָעִים׃ וַיִּקְבְּרוּ אֶת־עַצְמוֹת־שָׁאוּל וִיהוֹנָתָן־בְּנוֹ בְּאֶרֶץ
בִּנְיָמִן בְּצֵלָע בְּקֶבֶר קִישׁ אָבִיו וַיַּעֲשׂוּ כֹּל אֲשֶׁר־צִוָּה
טו הַמֶּלֶךְ וַיֵּעָתֵר אֱלֹהִים לָאָרֶץ אַחֲרֵי־כֵן׃ וַתְּהִי־עוֹד
מִלְחָמָה לַפְּלִשְׁתִּים אֶת־יִשְׂרָאֵל וַיֵּרֶד דָּוִד וַעֲבָדָיו עִמּוֹ
16 וַיִּלָּחֲמוּ אֶת־פְּלִשְׁתִּים וַיָּעַף דָּוִד׃ וְיִשְׁבּוֹ בְּנֹב אֲשֶׁר ׀
בִּילִידֵי הָרָפָה וּמִשְׁקַל קֵינוֹ שְׁלֹשׁ מֵאוֹת מִשְׁקַל נְחֹשֶׁת

צוּ דֶעם מֶלֶךְ, דֶער מַאן וָואס הָאט אוּנְס פֶערלַאנְגְט, אוּנְד וָואס הָאט וֶועגֶען אוּנְס אוֹיסְגֶעטְרַאכְט אַז מִיר זָאלֶען פֶערְטִילְגְט וֶוערֶען פוּן בֶּעשְׁטֵיין צוּ בְּלֵייבֶּען אִין אַלֶע גְרֶענְעצֶען פוּן יִשְׂרָאֵל: 6 זִיבֶּען מֶענֶער פוּן זֵיינֶע זִיהְן זָאלֶען צוּ אוּנְס גֶעגֶעבֶּען וֶוערֶען, אוּנְד מִיר וֶועלֶען זֵייא אוֹיפְהֶענְגֶען פָאר גָאט אִין גִבְעַת שָׁאוּל, דֶעם אוֹיסְדֶערְוֶוייל‍ְטֶען פוּן יְהֹוָה—אוּנְד דֶער מֶלֶךְ הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ וֶועל זֵייא גֶעבֶּען: 7 אוּנְד דֶער מֶלֶךְ הָאט זִיךְ דֶערְבַּארְמְט אִיבֶּער מְפִיבֹשֶׁת זוּהְן פוּן יְהוֹנָתָן, זוּהְן פוּן שָׁאוּל, וֶועגֶען דִיא שְׁבוּעָה פוּן גָאט וָואס אִיז צְוִוישֶׁען זֵייא גֶעוֶועזֶען, צְוִוישֶׁען דָוִד אוּנְד צְוִוישֶׁען יְהוֹנָתָן זוּהְן פוּן שָׁאוּל: 8 אוּנְד דֶער מֶלֶךְ הָאט גֶענוּמֶען דִיא צְוֵוייא זִיהְן פוּן רִצְפָּה, דִיא טָאכְטֶער פוּן אַיָּה וָואס זִיא הָאט גֶעבּוֹירֶען צוּ שָׁאוּל, דֶעם אַרְמוֹנִי, אוּנְד דֶעם מְפִיבֹשֶׁת, אוּנְד דִיא פִינְף זִיהְן פוּן מִיכַל דִיא טָאכְטֶער פוּן שָׁאוּל, וָואס זִיא הָאט גֶעבּוֹירֶען צוּ עַדְרִיאֵל זוּהְן פוּן בַּרְזִילַי פוּן מְחוֹלַת: 9 אוּנְד עֶר הָאט זֵייא גֶעגֶעבֶּען אִין דִיא הַאנְד פוּן דִיא גִבְעוֹנִים, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זֵייא אוֹיפְגֶעהָאנְגֶען אוֹיף דֶעם בַּארְג פָאר גָאט, אַזוֹי זֶענֶען דִיא זִיבֶּען גֶעפַאלֶען, אוּנְד זֵייא זֶענֶען גֶעטֵייט גֶעוָוארֶען אִין דִיא עֶרְשְׁטֶע טֶעג פוּן דֶעם שְׁנִיט, אִין אָנְפַאנְג פוּן דֶעם שְׁנִיט פוּן דִיא גֶערְשְׁט: 10 אוּנְד רִצְפָּה דִיא טָאכְטֶער פוּן אַיָּה הָאט גֶענוּמֶען דֶעם זַאק, אוּנְד זִיא הָאט אִיהְם פָאר זִיךְ אוֹיסְגֶעשְׁפְּרֵייט אוֹיף דֶעם פֶעלְזֶען־שְׁטֵיין, אִים אָנְפַאנְג פוּן דֶעם שְׁנִיט, בִּיז דָאס וַואסֶער הָאט זִיךְ אִיבֶּער זֵייא אוֹיסְגֶעגָאסֶען פוּן דֶעם הִימֶעל, אוּנְד זִיא הָאט נִיט גֶעלָאזְט דִיא פֵייגֶעל פוּן דֶעם הִימֶעל אוֹיף זֵייא רוּהֶען בֵּייא טָאג, אוּנְד דִיא ווִילְדֶע חַיוֹת פוּן דֶעם פֶעלְד בֵּייא נַאכְט: 11 אוּנְד מֶען הָאט דָאס אָנְגֶעזָאגְט צוּ דָוִד, וָואס רִצְפָּה דִיא טָאכְטֶער פוּן אַיָּה דָאס קֶעבְּסְוֵייבּ פוּן שָׁאוּל הָאט גֶעטְהוּן: 12 אַזוֹי אִיז דָוִד אַהִינְגֶעגַאנְגֶען אוּנְד עֶר הָאט גֶענוּמֶען דִיא בֵּיינֶער פוּן שָׁאוּל אוּנְד דִיא בֵּיינֶער פוּן יְהוֹנָתָן זֵיין זוּהְן פוּן דִיא מֶענֶער פוּן יָבֵשׁ גִלְעָד, וָואס זֵייא הָאבֶּען גֶעגַנְבֶת פוּן דֶעם פְּלַאץ בֵּית־שַׁן, וָואס דִיא פְּלִשְׁתִּים הָאבֶּען זֵייא דָארְט אוֹיפְגֶעהָאנְגֶען אָן דֶעם טָאג וֶוען דִיא פְּלִשְׁתִּים הָאבֶּען גֶעשְׁלָאגֶען שָׁאוּל אִין גִלְבּוֹעַ: 13 אוּנְד עֶר הָאט פוּן דָארְט אַרוֹיפְגֶעבְּרַאכְט דִיא בֵּיינֶער פוּן שָׁאוּל, אוּנְד דִיא בֵּיינֶער פוּן זֵיין זוּהְן יְהוֹנָתָן, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אֵיינְגֶעזַאמֶעלְט דִיא בֵּיינֶער פוּן דִיא אוֹיפְגֶעהָאנְגֶענֶע: 14 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען בֶּעגְרָאבֶּען דִיא בֵּיינֶער פוּן שָׁאוּל אוּנְד יְהוֹנָתָן זֵיין זוּהְן אִין דֶעם לַאנְד בִּנְיָמִן, אִין צֵלָע, אִין דֶעם קֶבֶר פוּן זֵיין פָאטֶער קִישׁ; אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעטְהוּן אַלֶעס וָואס דֶער מֶלֶךְ הָאט גֶעבָּאטֶען, אוּנְד גָאט הָאט זִיךְ גֶעלָאזְט עֶרְבֶּעטֶען צוּ דֶעם לַאנְד נָאכְדֶעם: 15 אוּנְד דִיא פְּלִשְׁתִּים הָאבֶּען נָאכְאַמָאל מִלְחָמָה גֶעהַאלְטֶען מִיט יִשְׂרָאֵל, אַזוֹי אִיז דָוִד אַרוּפְגֶעגַאנְגֶען אוּנְד זֵיינֶע קְנֶעכְט מִיט אִיהְם, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען מִלְחָמָה גֶעהַאלְטֶען מִיט דִיא פְּלִשְׁתִּים, אוּנְד דָוִד אִיז מִיד גֶעוָוארֶען: 16 אוּנְד יִשְׁבִּי אִין נוֹב—וָואס אִיז גֶעוֶועזֶען פוּן דִיא קִינְדֶער פוּן רָפָה (רִיזֶען), אוּנְד דָאס גֶעווִיכְט פוּן זֵיין שְׁפִּיז־רָאהְר הָאט גֶעוָואוֹיגֶען דְרֵייא הוּנְדֶערְט שֶׁקֶל קוּפֶּער,

וְהוּא חָגוּר חֲדָשָׁה וַיֹּאמֶר לְהַכּוֹת אֶת־דָּוִד׃ וַיַּעֲזָר־לוֹ 17
אֲבִישַׁי בֶּן־צְרוּיָה וַיַּךְ אֶת־הַפְּלִשְׁתִּי וַיְמִתֵהוּ אָז נִשְׁבְּעוּ
אַנְשֵׁי־דָוִד לוֹ לֵאמֹר לֹא־תֵצֵא עוֹד אִתָּנוּ לַמִּלְחָמָה וְלֹא
תְכַבֶּה אֶת־נֵר יִשְׂרָאֵל׃ וַיְהִי אַחֲרֵי־כֵן וַתְּהִי־עוֹד 18
הַמִּלְחָמָה בְּגֹב עִם־פְּלִשְׁתִּים אָז הִכָּה סִבְּכַי הַחֻשָׁתִי אֶת־
סַף אֲשֶׁר בִּילִדֵי הָרָפָה׃ וַתְּהִי־עוֹד הַמִּלְחָמָה 19
בְּגוֹב עִם־פְּלִשְׁתִּים וַיַּךְ אֶלְחָנָן בֶּן־יַעְרֵי אֹרְגִים בֵּית הַלַּחְמִי
אֵת גָּלְיָת הַגִּתִּי וְעֵץ חֲנִיתוֹ כִּמְנוֹר אֹרְגִים׃ וַתְּהִי־ כ
עוֹד מִלְחָמָה בְּגַת וַיְהִי ׀ אִישׁ מָדוֹן וְאֶצְבְּעֹת יָדָיו וְאֶצְבְּעוֹת
רַגְלָיו שֵׁשׁ וָשֵׁשׁ עֶשְׂרִים וְאַרְבַּע מִסְפָּר וְגַם־הוּא יֻלַּד
לְהָרָפָה׃ וַיְחָרֵף אֶת־יִשְׂרָאֵל וַיַּכֵּהוּ יְהוֹנָתָן בֶּן־שִׁמְעַי אֲחִי 21
דָוִד׃ אֶת־אַרְבַּעַת אֵלֶּה יֻלְּדוּ לְהָרָפָה בְּגַת וַיִּפְּלוּ בְיַד־ 22
דָּוִד וּבְיַד עֲבָדָיו׃

## כב

כב

וַיְדַבֵּר דָּוִד לַיהוָה אֶת־דִּבְרֵי הַשִּׁירָה הַזֹּאת בְּיוֹם הִצִּיל א
יְהוָה אֹתוֹ מִכַּף כָּל־אֹיְבָיו וּמִכַּף שָׁאוּל׃
וַיֹּאמַר    יְהוָה סַלְעִי וּמְצֻדָתִי וּמְפַלְטִי־לִי׃    אֱלֹהֵי 2 3
צוּרִי אֶחֱסֶה־בּוֹ    מָגִנִּי וְקֶרֶן יִשְׁעִי מִשְׂגַּבִּי
וּמְנוּסִי    מֹשִׁעִי מֵחָמָס תֹּשִׁעֵנִי׃    מְהֻלָּל 4
אֶקְרָא יְהוָה וּמֵאֹיְבַי אִוָּשֵׁעַ׃    כִּי אֲפָפֻנִי מִשְׁבְּרֵי־ ה
מָוֶת    נַחֲלֵי בְלִיַּעַל יְבַעֲתֻנִי׃    חֶבְלֵי 6
שְׁאוֹל סַבֻּנִי    קִדְּמֻנִי מֹקְשֵׁי־
מָוֶת׃    בַּצַּר־לִי אֶקְרָא יְהוָה    וְאֶל־ 7
אֱלֹהַי אֶקְרָא    וַיִּשְׁמַע מֵהֵיכָלוֹ
קוֹלִי    וְשַׁוְעָתִי בְּאָזְנָיו׃    וַיִּתְגָּעַשׁ 8
וַתִּרְעַשׁ הָאָרֶץ    מוֹסְדוֹת הַשָּׁמַיִם
יִרְגָּזוּ    וַיִּתְגָּעֲשׁוּ כִּי־חָרָה לוֹ׃    עָלָה 9

אוּנְד עֶר אִיז אָנְגֶעגַארְטֶעלְט גֶעוֶועזֶען מִיט אַ נֵייעֶם פַּאנְצֶער, אוּנְד עֶר הָאט גֶעמֵיינְט דָוִד צוּ שְׁלָאגֶען: 17 אָבֶער אַבִישַׁי זוּהְן פוּן צְרוּיָה הָאט אִיהְם גֶעהָאלְפֶען, אוּנְד עֶר הָאט גֶעשְׁלָאגֶען דֶעם פְּלִשְׁתִּי אוּנְד הָאט אִיהְם גֶעטֵייט; דֶענְסְמָאל הָאבֶען דָוִד'ס מֶענֶער צוּ אִיהְם גֶעשְׁוָואוֹירֶען אַזוֹי צוּ זָאגֶען, דוּא זָאלְסְט נִיט מֶעהְר מִיט אוּנְס אַרוֹיסְגֵיין אִין דֶער מִלְחָמָה, אַז דוּא זָאלְסְט נִיט אוֹיסְלֶעשֶׁען דָאס לִיכְט פוּן יִשְׂרָאֵל:
18 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען נָאכְדֶעם דָאס עֶס אִיז נָאכְאַמָאל גֶעוֶועזֶען אַ מִלְחָמָה אִין גוֹב, מִיט דִיא פְּלִשְׁתִּים, דֶענְסְמָאל הָאט סִבְּכַי דֶער חֻשָׁתִי גֶעשְׁלָאגֶען דֶעם סַף, וָואס אִיז גֶעוֶועזֶען פוּן דִיא קִינְדֶער פוּן רָפָה: 19 אוּנְד עֶס אִיז נָאכְאַמָאל גֶעוֶועזֶען אַ מִלְחָמָה אִין גוֹב, מִיט דִיא פְּלִשְׁתִּים וֶוען אֶלְחָנָן זוּהְן פוּן יַעֲרֵי־אוֹרְגִים אוֹיס בֵּית לֶחֶם הָאט גֶעשְׁלָאגֶען דֶעם (בְּרוּדֶער פוּן) גָלְיַת דֶעם גִתִּי, אוּנְד דָאס הָאלְץ פוּן זַיין שְׁפִּיז וַאר וִויא אַ וֶועבֶּערְס בּוֹים: 20 אוּנְד עֶס אִיז נָאכְאַמָאל גֶעוֶועזֶען אַ מִלְחָמָה אִין גַת, אוּנְד עֶס אִיז (דָארְט) גֶעוֶועזֶען אַ מַאן פוּן (גְרוֹיסֶעם) מָאס, וָואס הָאט גֶעהַאט אוֹיף יֶעדְעַ הַאנְד אוּנְד יֶעדֶען פוּס זֶעקְס פִינְגֶער, פִיעֶר אוּנְד צְוַאנְצִיג אִין דֶער צָאל, אוּנְד עֶר אִיז אוֹיךְ גֶעבּוֹירֶען גֶעוָוארֶען צוּ רָפָה: 21 אוּנְד עֶר הָאט יִשְׂרָאֵל גֶעלֶעסְטֶערְט, אָבֶער יְהוֹנָתָן זוּהְן פוּן שִׁמְעִי דָוִד'ס בְּרוּדֶער, הָאט אִיהְם דֶערְשְׁלָאגֶען: 22 דִיא דָאזִיגֶע פִיעֶר זֶענֶען גֶעבּוֹירֶען גֶעוָוארֶען צוּ רָפָה אִין גַת, אוּנְד זַייא זֶענֶען גֶעפַאלֶען דוּרְךְ דִיא הַאנְד פוּן דָוִד, אוּנְד דוּרְךְ דִיא הַאנְד פוּן זַיינֶע קְנֶעכְט:

## קאפיטעל כב

1 אוּנְד דָוִד הָאט גֶערֶעדְט צוּ גָאט דִיא וֶוערְטֶער פוּן דֶעם דָאזִיגֶען גֶעזַאנְג, אַן דֶעם טָאג וֶוען גָאט הָאט אִיהְם מַצִיל גֶעוֶועזֶען אוֹיס דֶער הַאנְד פוּן אַלֶע זַיינֶע פֵיינְד, אוּנְד אוֹיס דֶער הַאנְד פוּן שָׁאוּל: 2 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט,—יְהוָֹה אִיז מֵיין פֶעלְז אוּנְד מֵיינֶע פֶעסְטוּנְג, אוּנְד עֶר מַאכְט מִיךְ אַנְטְרִינֶען: 3 גָאט אִיז מֵיין פֶעלְז וָואס אִיךְ בֶּעשִׁיץ מִיךְ אִין אִיהְם, עֶר אִיז מֵיין שִׁילְד אוּנְד דָאס הָארְן פוּן מֵיינֶער הִילְף, עֶר אִיז מֵיין אוּנְטֶערְלֶעהְנֶער, אוּנְד מֵיינֶע אַנְטְלוֹיפוּנְג, עֶר אִיז מֵיין הֶעלְפֶער, דוּא הֶעלְפְסְט מִיר פוּן דִיא רוֹיבֶּערְס: 4 אִיךְ וֶועל גָאט אָנְרוּפֶען וָואס אִיז וֶוערְטְה צוּ לוֹיבֶּען, אוּנְד אִיךְ וֶועל גֶעהָאלְפֶען וֶוערֶען פוּן מֵיינֶע פֵיינְד: 5 וָוארִין דִיא בְּרֶעכֶענִים פוּן דֶעם טוֹיט הָאבֶּען מִיךְ אַרוּמְגֶערִינְגֶעלְט, דִיא שְׁלֶעכְטֶע חֲלִוּת הָאבֶען מִיךְ דֶערשְׁרָאקֶען: 6 דִיא חֲלִוּת (אָדֶער שְׁטְרִיק) פוּן שְׁאוֹל הָאבֶען מִיךְ אַרוּמְגֶערִינְגֶעלְט, דִיא שְׁטְרוֹיכְלוּנְג פוּן דֶעם טוֹיט זֶענֶען מִיר פָארְגֶעקוּמֶען: 7 וֶוען עֶס אִיז מִיר עֶנְג גֶעוֶועזֶען הָאבּ אִיךְ דֶעם הַאר אָנְגֶערוּפֶען, אוּנְד אִיךְ הָאבּ אָנְגֶערוּפֶען צוּ מֵיין גָאט, אוּנְד עֶר הָאט גֶעהֶערְט מֵיין קוֹל פוּן זַיין הֵיכָל, אוּנְד מֵיין גֶעשְׁרֵייא אִיז גֶעקוּמֶען אִין זַיינֶע אוֹירֶען: 8 אוּנְד דִיא עֶרְד הָאט זִיךְ גֶעשָׁאקֶעלְט אוּנְד גֶעצִיטֶערְט, דִיא גְרוּנְדְפֶעסְטֶע פוּן הִימֶעל הָאבֶען גֶעצִיטֶערְט אוּנְד גֶעשְׁטוּרְמְט, וֵוייל עֶר אִיז צָארְנִיג גֶעוֶועזֶען:



ארויף

עָשָׁן בְּאַפּוֹ וְאֵשׁ מִפִּיו
י תֹּאכֵל גֶּחָלִים בָּעֲרוּ מִמֶּנּוּ׃ וַיֵּט
שָׁמַיִם וַיֵּרַד וַעֲרָפֶל תַּחַת
11 רַגְלָיו׃ וַיִּרְכַּב עַל־כְּרוּב וַיָּעֹף וַיֵּרָא
12 עַל־כַּנְפֵי־רוּחַ׃ וַיָּשֶׁת חֹשֶׁךְ סְבִיבֹתָיו
13 סֻכּוֹת חַשְׁרַת־מַיִם עָבֵי שְׁחָקִים׃ מִנֹּגַהּ
14 נֶגְדּוֹ בָּעֲרוּ גַּחֲלֵי־אֵשׁ׃ יַרְעֵם מִן־שָׁמַיִם
טו יְהוָה וְעֶלְיוֹן יִתֵּן קוֹלוֹ׃ וַיִּשְׁלַח
16 חִצִּים וַיְפִיצֵם בָּרָק וַיָּהֹם׃ וַיֵּרָאוּ אֲפִקֵי
יָם יִגָּלוּ מֹסְדוֹת תֵּבֵל בְּגַעֲרַת
17 יְהוָה מִנִּשְׁמַת רוּחַ אַפּוֹ׃ יִשְׁלַח מִמָּרוֹם
18 יִקָּחֵנִי יַמְשֵׁנִי מִמַּיִם רַבִּים׃ יַצִּילֵנִי
מֵאֹיְבִי עָז מִשֹּׂנְאַי כִּי אָמְצוּ
19 מִמֶּנִּי׃ יְקַדְּמֻנִי בְּיוֹם אֵידִי וַיְהִי
כ יְהוָה מִשְׁעָן לִי׃ וַיֵּצֵא לַמֶּרְחָב
21 אֹתִי יְחַלְּצֵנִי כִּי־חָפֵץ בִּי׃ יִגְמְלֵנִי
יְהוָה כְּצִדְקָתִי כְּבֹר יָדַי יָשִׁיב
22 לִי׃ כִּי שָׁמַרְתִּי דַּרְכֵי יְהוָה וְלֹא
23 רָשַׁעְתִּי מֵאֱלֹהָי׃ כִּי כָל־מִשְׁפָּטָו
24 לְנֶגְדִּי וְחֻקֹּתָיו לֹא־אָסוּר מִמֶּנָּה׃ וָאֶהְיֶה
כה תָמִים לוֹ וָאֶשְׁתַּמְּרָה מֵעֲוֺנִי׃ וַיָּשֶׁב יְהוָה לִי
26 כְּצִדְקָתִי כְּבֹרִי לְנֶגֶד עֵינָיו׃ עִם־
חָסִיד תִּתְחַסָּד עִם־גִּבּוֹר תָּמִים
27 תִּתַּמָּם׃ עִם־נָבָר תִּתָּבָר וְעִם־
28 עִקֵּשׁ תִּתַּפָּל׃ וְאֶת־עַם עָנִי
29 תּוֹשִׁיעַ וְעֵינֶיךָ עַל־רָמִים תַּשְׁפִּיל׃ כִּי־
אַתָּה נֵירִי יְהוָה וַיהוָה יַגִּיהַּ

9 א רויךְ איז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען פוּן זַיינֶע
נָאז־לֶעכֶער, אוּנְד א פֵייעֶר פוּן זַיין מוֹיל
הָאט פֶערבְּרֶענְט, קוֹילֶען הָאבֶּען דַאפוּן
גֶעבְּרֶענְט׃ 10 עֶר הָאט גֶענֵייגְט דֶעם
הִימֶעל אוּנְד אִיז אַרוּפְּגֶעקוּמֶען, אוּנְד א
נֶעבֶּעל אִיז גֶעוֶועזֶען אוּנְטֶער זַיינֶע פִיס׃
11 עֶר הָאט גֶערִיטֶען אוֹיף א כְּרוּב אוּנְד
הָאט גֶעשְׁוֶועבְּט, אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ
בֶּעוִויזֶען אוֹיף דִיא פְלִיגֶעל פוּן דֶעם
ווִינְד׃ 12 אוּנְד עֶר הָאט גֶעמַאכְט
דִיא פִינְסְטֶערְנִיס אוּם אִיהְם אַרוּם צוּ
בֵּיידֶלֶעךְ (סֻכּוֹת), רֶעגֶען־וַואסֶער אוּנְד
דִיקֶע וָואלְקֶען׃ 13 פוּן דֶעם גְלַאנְץ
וָואס אִיז קֶעגֶען אִיהְם גֶעוֶועזֶען זָענֶען
פֵייעֶרְדִיגֶע קוֹילֶען אָנְגֶעבְּרֶענְט גֶעוָוארֶען׃
14 גָאט הָאט גֶעשְׁטוּרְמְט פוּן דֶעם
הִימֶעל, אוּנְד דֶער אוֹיבֶּערְשְׁטֶער הָאט
גֶעגֶעבֶּען זַיין קוֹל׃ 15 עֶר הָאט אוּמְ־
גֶעשִׁיקְט פַיילֶען, אוּנְד עֶר הָאט זַייא
פֶערְשְׁפְּרֵייט, עֶר הָאט גֶעלַאזְט בְּלִיצֶען
אוּנְד עֶר הָאט זַייא פֶערְטוּמֶעלְט׃

16 אוּנְד דִיא טִיפֶענִיש פוּן דֶעם יָם זָענֶען גֶעזֶעהֶען גֶעוָוארֶען, דִיא גְרוּנְדְפֶעסְטֶען פוּן
דֶער וֶועלְט זָענֶען אַנְטְפְּלֶעקְט גֶעוָוארֶען, דוּרְךְ דֶעם גֶעשְׁרֵייא פוּן יְהֹוָה וֶועגֶען זַיין
שְׁטַארְקֶען צָארְן׃ 17 עֶר הָאט גֶעשִׁיינְט פוּן דֶער הֵייךְ (הִימֶעל) אוּנְד עֶר הָאט מִיךְ
גֶענוּמֶען, עֶר הָאט מִיךְ אַרוֹיסְגֶעצוֹיגֶען פוּן פִילֶע וַואסֶערְן׃ 18 עֶר הָאט מִיךְ מַצִיל
גֶעוֶועזֶען פוּן מֵיינֶע שְׁטַארְקֶע פֵיינְד, פוּן מֵיינֶע שׂוֹנְאִים וָואס זָענֶען שְׁטַארְקֶער פוּן
מִיר׃ 19 זַייא זָענֶען מִיר צוּפָארְגֶעקוּמֶען אִין דֶעם טָאג פוּן בְּרָאךְ, אָבֶּער גָאט אִיז
גֶעוֶועזֶען מֵיינֶע אוּנְטֶערְלֶעהְנוּנְג׃ 20 אוּנְד עֶר הָאט מִיךְ אַרוֹיסְגֶעבְּרַאכְט אִין א
בְּרֵייטֶען אָרְט, עֶר הָאט מִיךְ אַרוֹיסְגֶעצוֹיגֶען, ווַייל עֶר הָאט לוּסְט אַן מִיר׃ 21 גָאט
הָאט מִיךְ בֶּעלוֹינְט נָאךְ מֵיינֶע גֶערֶעכְטִיגְקֵייט, נָאךְ דִיא רֵיינְהֵייט פוּן מֵיינֶע הֶענְד הָאט
עֶר צוּ מִיר אוּמְגֶעקֶעהְרְט׃ 22 וָוארִין אִיךְ הָאבּ גֶעהִיט דִיא וֶועגֶען פוּן גָאט, אוּנְד
אִיךְ בִּין נִיט מִיט שְׁלֶעכְטִיגְקֵייט אָפְּגֶעטְרֶעטֶען פוּן מֵיין גָאט׃ 23 וָוארִין אַלֶע זַיינֶע
מִשְׁפָּטִים זָענֶען פָאר מִיר, אוּנְד זַיינֶע גֶעזֶעץ הָאבּ אִיךְ נִיט אָפְּגֶעטְהוּן פוּן פָאר מִיר׃
24 אוּנְד אִיךְ בִּין אוֹיךְ גֶעוֶועזֶען גַאנְץ (אוֹיפְרִיכְטִיג) פָאר אִיהְם, אוּנְד אִיךְ הָאבּ מִיךְ
גֶעהִיט פוּן מֵיינֶע זִינְד׃ 25 אוּנְד גָאט הָאט מִיר אוּמְגֶעקֶעהְרְט נָאךְ מֵיינֶע גֶערֶעכְטִיגְקֵייט,
נָאךְ מֵיינֶע רֵיינְהֵייט אִין זַיינֶע אוֹיגֶען׃ 26 מִיט דֶעם גְנֶעדִיגֶען (חָסִיד) וֶועסְט דוּא טְהוּן
חֶסֶד, אוּנְד מִיט דֶעם אוֹיפְרִיכְטִיגֶען מַאן הָאסְט דוּא דִיךְ אוֹיפְרִיכְטִיג בֶּעוִויזֶען׃ 27 מִיט
דֶעם רֵיינֶעם וֶועסְט דוּא דִיךְ אִין רֵיינְהֵייט בֶּעווַייזֶען, אוּנְד מִיט דֶעם פֶערְקְרוּמְטֶען וֶועסְט
דוּא דִיךְ אוֹיךְ בֶּעווַייזֶען אַלְס אַ ווִידֶערְשְׁטְרֵייטֶער׃ 28 אוּנְד דֶעם אָרֶעמֶען פָאלְק וֶועסְט
דוּא הֶעלְפֶען, אָבֶּער דֵיינֶע אוֹיגֶען זָענֶען אִיבֶּער דִיא הוֹיכְמִיטִיגֶען, אַז דוּא זָאלְסְט זַייא
נִידֶערִיג מַאכֶען׃ 29 וָוארִין דוּא בִּיזְט מֵיין לִיכְט, אָ גָאט, גָאט וֶועט דֶערְלֵייכְטֶען
מֵיינֶע

חִשְׁבִּי׃ כִּי בְכָה אָרוּץ גְּדוּד בֵּאלֹהַי ל
אֲדַלֶּג־שׁוּר׃ הָאֵל תָּמִים 31
דַּרְכּוֹ אִמְרַת יְהוָה צְרוּפָה מָגֵן
הוּא לְכֹל הַחֹסִים בּוֹ׃ כִּי מִי־אֵל מִבַּלְעֲדֵי 32
יְהוָה וּמִי צוּר מִבַּלְעֲדֵי אֱלֹהֵינוּ׃ הָאֵל 33
מָעוּזִּי חָיִל וַיַּתֵּר תָּמִים
דַּרְכּוֹ׃ מְשַׁוֶּה רַגְלָיו כָּאַיָּלוֹת וְעַל 34
בָּמוֹתַי יַעֲמִדֵנִי׃ מְלַמֵּד יָדַי לה
לַמִּלְחָמָה וְנִחַת קֶשֶׁת־נְחוּשָׁה זְרֹעֹתָי׃ וַתִּתֶּן 36
לִי מָגֵן יִשְׁעֶךָ וַעֲנֹתְךָ תַּרְבֵּנִי׃ תַּרְחִיב צַעֲדִי 37
תַּחְתֵּנִי וְלֹא מָעֲדוּ קַרְסֻלָּי׃ אֶרְדְּפָה 38
אֹיְבַי וָאַשְׁמִידֵם וְלֹא אָשׁוּב עַד־
כַּלּוֹתָם׃ וָאֲכַלֵּם וָאֶמְחָצֵם וְלֹא יְקוּמוּן וַיִּפְּלוּ 39
תַּחַת רַגְלָי׃ וַתַּזְרֵנִי חַיִל מ
לַמִּלְחָמָה תַּכְרִיעַ קָמַי תַּחְתֵּנִי׃ וְאֹיְבַי 41
תַּתָּה לִּי עֹרֶף מְשַׂנְאַי וָאַצְמִיתֵם׃ יִשְׁעוּ וְאֵין 42
מֹשִׁיעַ אֶל־יְהוָה וְלֹא עָנָם׃ וְאֶשְׁחָקֵם 43
כַּעֲפַר־אָרֶץ כְּטִיט־חוּצוֹת אֲדִקֵּם
אֶרְקָעֵם׃ וַתְּפַלְּטֵנִי מֵרִיבֵי עַמִּי תִּשְׁמְרֵנִי 44
לְרֹאשׁ גּוֹיִם עַם לֹא־יָדַעְתִּי
יַעַבְדֻנִי׃ בְּנֵי נֵכָר יִתְכַּחֲשׁוּ־לִי לִשְׁמוֹעַ מה
אֹזֶן יִשָּׁמְעוּ לִי׃ בְּנֵי נֵכָר יִבֹּלוּ וְיַחְגְּרוּ 46
מִמִּסְגְּרוֹתָם׃ חַי־יְהוָה וּבָרוּךְ צוּרִי וְיָרֻם 47
אֱלֹהֵי צוּר יִשְׁעִי׃ הָאֵל הַנֹּתֵן נְקָמֹת 48
לִי וּמוֹרִיד עַמִּים תַּחְתֵּנִי׃ וּמוֹצִיאִי 49
מֵאֹיְבָי וּמִקָּמַי תְּרוֹמְמֵנִי מֵאִישׁ חֲמָסִים
תַּצִּילֵנִי׃ עַל־כֵּן אוֹדְךָ יְהוָה בַּגּוֹיִם וּלְשִׁמְךָ אֲזַמֵּר׃ מִגְדּוֹל נ 51

מײנע פֿינסטערניס: 30 װארין דורך דיר
קען איך לױפֿען קעגען א חַיִל, אונד
דורך מײן גאט קען איך איבער א מױער
שפּרינגען: 31 אָבער װאס גאט אָנבע־
טרעפֿט, זײן װעג איז גאַנץ (פֿאלקאָמען),
דאס װאָרט פֿון גאט איז געלײטערט, ער
איז אַ בעשיצונג צו אַלע װאס פֿערטרױען
אין איהם: 32 דען װער איז גאט חוץ
יְהֹוָה? אונד װער איז אַ פֿעלז חוץ אונזער
גאט? 33 גאט איז מײנע שטאַרקהײט
אונד קראַפֿט, אונד ער מאַכט מײן װעג
גאַנץ (פֿאלקאָמען): 34 ער האט גראד
געמאַכט מײנע פֿיס װיא אַ הינדין, אונד
אױף מײנע הױכע ערטער האט ער מיך
געשטעלט: 35 ער לערנט מײנע האַנד
מִלְחָמָה צו האַלטען, אונד מײנע אָרעמס
בײגען אַ קופּערנעם בױגען: 36 אונד
דו האָסט מיר געגעבען דאס שילד
(פּאַנצער) פֿון דײנע הילף, אונד דײנע
(עֲנָוָה) דעמיטיגקײט האט מיך גרױס
געמאַכט: 37 דו האָסט דערברײטערט
מײנע טריט הינטער מיר, אונד מײנע קנעכעל האבען זיך ניט אױסגעגליטשט:
38 איך האב נאָכגעיאָגט מײנע פֿײנד אונד האב זײא פֿערטילגט, אונד בין ניט צוריק־
געקומען ביז איך האב פֿון זײא אַן ענד געמאַכט: 39 אונד איך האב פֿון זײא אַן
ענד געמאַכט אונד פֿערװאונדעט אַז זײא האבען ניט געקענט אױפֿשטײן, זײא זענען
געפֿאַלען הינטער מײנע פֿיס: 40 אונד דו האָסט מיך אָנגעגאַרטעלט מיט קראַפֿט
צו דער מִלְחָמָה, דו האָסט (אונטערטעניג) קניען געמאַכט דיא װאס זענען הינטער
מיר אױפֿגעשטאַנען: 41 דו האָסט מיר אױך געגעבען דעם נאַקען פֿון מײנע פֿײנד,
אַז איך זאל פֿערשנײדען דיא װאס האבען מיך פֿײנד: 42 זײא האבען געשריען,
אָבער עס האט זײא קײנער ניט געהאָלפֿען, אונד אַפֿילו צו יְהֹוָה אָבער ער האט זײא
ניט געענטפֿערט: 43 אונד איך האב זײא צערמאַלען װיא דעם שטױב פֿון דער ערד,
איך האב זײא צושטױסען אונד צוטרעטען װיא דעם לײם פֿון דער גאַס: 44 אונד
דו האָסט מיך געמאַכט אַנטרינען פֿון דיא קריגער פֿון מײן פֿאָלק, דו האָסט מיך
געהיט אַז איך זאל זײן אַן אױבערשטער איבער דיא גוֹיִם, אַ פֿאָלק װאס איך האב ניט
געקענט זאלען מיך דינען: 45 קינדער פֿון פֿרעמדע װעלען זיך צו מיר אונטערטעניג
מאַכען, נאך דעם הערען מיט זײער אױער װעלען זײא מיר געהאָרכען: 46 קינדער
פֿון פֿרעמדע װעלען פֿערװעלקען, זײא װעלען מוֹרָא האבען פֿון זײערע פֿערשליסונג:
47 גאט לעבט, אונד געבענשט איז מײן פֿעלז, אונד דערהױבען איז גאט דער בע־
שעפֿער פֿון מײנע הילף: 48 ער איז דער גאט װאס געט נְקָמוֹת צו מיר, אונד ער
מאַכט פֿעלקער צו מיר אונטערטעניג: 49 אונד ער ציהט מיך אַרױס פֿון מײנע פֿײנד,
אונד איבער דיא װאס שטײן אױף קעגען מיר האָסט דו מיך דערהױבען; דו האָסט
מיך מציל געװעזען פֿון דעם רױבערישען מאַן: 50 דאַריבער װעל איך דיך, אָ גאט,
לױבען אונטער דיא גוֹיִם, אונד איך װעל זינגען צו דײן נאָמען: 51 ער מאַכט גרױס

יְשׁוּעוֹת מַלְכּוֹ וְעֹשֶׂה־חֶסֶד
לִמְשִׁיחוֹ לְדָוִד וּלְזַרְעוֹ עַד־עוֹלָם׃

## כג

כג

א וְאֵלֶּה דִּבְרֵי דָוִד הָאַחֲרֹנִים נְאֻם דָּוִד בֶּן־יִשַׁי וּנְאֻם הַגֶּבֶר
2 הֻקַם עָל מְשִׁיחַ אֱלֹהֵי יַעֲקֹב וּנְעִים זְמִרוֹת יִשְׂרָאֵל׃ רוּחַ
3 יְהוָה דִּבֶּר־בִּי וּמִלָּתוֹ עַל־לְשׁוֹנִי׃ אָמַר אֱלֹהֵי יִשְׂרָאֵל
לִי דִבֶּר צוּר יִשְׂרָאֵל מוֹשֵׁל בָּאָדָם צַדִּיק מוֹשֵׁל יִרְאַת
4 אֱלֹהִים׃ וּכְאוֹר בֹּקֶר יִזְרַח־שָׁמֶשׁ בֹּקֶר לֹא עָבוֹת מִנֹּגַהּ
ה מִמָּטָר דֶּשֶׁא מֵאָרֶץ׃ כִּי־לֹא־כֵן בֵּיתִי עִם־אֵל כִּי בְרִית
עוֹלָם שָׂם לִי עֲרוּכָה בַכֹּל וּשְׁמֻרָה כִּי־כָל־יִשְׁעִי וְכָל־
6 חֵפֶץ כִּי־לֹא יַצְמִיחַ׃ וּבְלִיַּעַל כְּקוֹץ מֻנָד כֻּלָּהֶם כִּי־לֹא
7 בְיָד יִקָּחוּ׃ וְאִישׁ יִגַּע בָּהֶם יִמָּלֵא בַרְזֶל וְעֵץ חֲנִית
8 וּבָאֵשׁ שָׂרוֹף יִשָּׂרְפוּ בַּשָּׁבֶת׃ אֵלֶּה שְׁמוֹת הַגִּבֹּרִים
אֲשֶׁר לְדָוִד יֹשֵׁב בַּשֶּׁבֶת תַּחְכְּמֹנִי ׀ רֹאשׁ הַשָּׁלִשִׁי הוּא
עֲדִינוֹ הָעֶצְנוֹ עַל־שְׁמֹנֶה מֵאוֹת חָלָל בְּפַעַם אֶחָד׃
9 וְאַחֲרָיו אֶלְעָזָר בֶּן־דֹּדִי בֶּן־אֲחֹחִי בִּשְׁלֹשָׁה גִבֹּרִים עִם־
דָּוִד בְּחָרְפָם בַּפְּלִשְׁתִּים נֶאֶסְפוּ־שָׁם לַמִּלְחָמָה וַיַּעֲלוּ
אִישׁ יִשְׂרָאֵל׃ הוּא קָם וַיַּךְ בַּפְּלִשְׁתִּים עַד ׀ כִּי־יָגְעָה יָדוֹ
וַתִּדְבַּק יָדוֹ אֶל־הַחֶרֶב וַיַּעַשׂ יְהוָה תְּשׁוּעָה גְדוֹלָה בַּיּוֹם
11 הַהוּא וְהָעָם יָשֻׁבוּ אַחֲרָיו אַךְ לְפַשֵּׁט׃ וְאַחֲרָיו
שַׁמָּא בֶן־אָגֵא הָרָרִי וַיֵּאָסְפוּ פְלִשְׁתִּים לַחַיָּה וַתְּהִי־שָׁם
חֶלְקַת הַשָּׂדֶה מְלֵאָה עֲדָשִׁים וְהָעָם נָס מִפְּנֵי פְלִשְׁתִּים׃
12 וַיִּתְיַצֵּב בְּתוֹךְ־הַחֶלְקָה וַיַּצִּילֶהָ וַיַּךְ אֶת־פְּלִשְׁתִּים וַיַּעַשׂ
13 יְהוָה תְּשׁוּעָה גְדוֹלָה׃ וַיֵּרְדוּ שְׁלֹשִׁים מֵהַשְּׁלֹשִׁים רֹאשׁ
וַיָּבֹאוּ אֶל־קָצִיר אֶל־דָּוִד אֶל־מְעָרַת עֲדֻלָּם וְחַיַּת פְּלִשְׁתִּים
14 חֹנָה בְּעֵמֶק רְפָאִים׃ וְדָוִד אָז בַּמְּצוּדָה וּמַצַּב פְּלִשְׁתִּים
טו אָז בֵּית לָחֶם׃ וַיִּתְאַוֶּה דָוִד וַיֹּאמַר מִי יַשְׁקֵנִי מַיִם

דיא הילף פון זיין קעניג, אונד טהוט חֶסֶד צו זיין געזאלבטען, צו דָוִד אונד צו זיינע קינדער ביז אויף אייביג:

## קאפיטעל כג

1 אונד דיא דָאזיגע זענען דיא לעצטע ווערטער פון דָוִד, דיא רייד פון דָוִד בֶּן יִשַׁי, אונד דיא רייד פון דעם מאן וָואס איז הויך דערהויבען געוואָרען, דער מָשִׁיחַ פון דעם גָאט פון יַעֲקֹב, אונד דיא רייד פון דעם זינגער פון יִשְׂרָאֵל: 2 דער רוּחַ פון גָאט הָאט דורך מיר גערעט, אונד זיינע רייד זענען געוועזען אויף מיינע צונג: 3 דער גָאט פון יִשְׂרָאֵל הָאט געזאגט, דער פעלז פון יִשְׂרָאֵל הָאט צו מיר גערעט, דער וָואס איז א געוועלטיגער איבער מענשען מוס גערעכט זיין, ער מוס געוועלטיגען אין דער פָארכט פון גָאט: 4 אונד ער וועט זיין אַזוֹי וויא דָאס ליכט פון פריה־מָארגען ווען דיא זון שיינט, אַזוֹי וויא א פריה־מָארגען אָהן אַ דיקען וָואלקען, אַזוֹי וויא דָאס שיינען (פון דער זון) נָאך דעם רעגען אויף דעם גרָאז פון דער ערד: 5 חָאטשֶׁע מיין הויז־געזינד איז ניט אַזוֹי מיט גָאט, דָאך הָאט ער מיט מיר געמַאכט איין אייביגען בְּרִית, עס איז אָנגעבּרייט מיט אַלעם אונד איז געהיטען, וָוארין דָאס איז מיינע גַאנצע יְשׁוּעָה אונד מיין גַאנצעס פערלַאנגען, חָאטשֶׁע ער וועט עס ניט מַאכען שפּרָאצען: 6 אָבּער דיא שלעכטע לייט זענען אַלע וויא א דָארן וָואס ווערט פערוָואָגעלט, וָואס מען קען ניט אָנגעמען מיט דיא האַנד: 7 אָבער דער מַאן וָואס וויל זייא אָנריהרען מוס זיין אָנגעטהון מיט אייזען אונד מיט אַ שטַאנג פון אַ שפּיז, אונד זייא וועלען אים גַאנצען פערבּרענט ווערען מיט פייער אין דעם זעלבּיגען אָרט: 8 דיא דָאזיגע זענען דיא נעמען פון דיא גִבּוֹרִים וָואס זענען געוועזען מיט דָוִד, דער וָואס איז געזעסען אין דעם זיץ איז געוועזען תַּחְכְּמֹנִי, דער הויפּטמַאן פון דיא דרייא; ער איז געוועזען עֲדִינוֹ דער עֶצְנִי, ווענען דיא אַכט הונדערט וָואס ער הָאט אויף איין מָאל דערשלָאגען: 9 אונד נָאך איהם איז געוועזען אֶלְעָזָר בֶּן דוֹדוֹ, בֶּן אֲחוֹחִי, איינער פון דיא דרייא (גִבּוֹרִים) וָואס זענען געוועזען מיט דָוִד ווען זייא הָאבּען פערשעמט דיא פְּלִשְׁתִּים וָואס זענען דָארט פערזַאמעלט געוועזען צו דער מִלְחָמָה, אונד דיא מענער פון יִשְׂרָאֵל זענען אַרויפגעגַאנגען: 10 ער איז אויפגעשטַאנען אונד הָאט געשלָאגען דיא פְּלִשְׁתִּים ביז זיינע הַאנד איז מיד געוואָרען, אונד זיינע הַאנד הָאט זיך בּעהעפט אַן דעם שווערד, אונד גָאט הָאט אַן דעמזעלבּיגען טָאג אַ גרויסע הילף געטהון, אונד דָאס פָאלק הָאט זיך אונטער איהם אומגעקעהרט נָאר צו פּלינדערן: 11 אונד נָאך איהם איז געוועזען שַׁמָּא בֶּן אָגֵא דער הָרָרִי, אונד דיא פְּלִשְׁתִּים הָאבּען זיך פערזַאמעלט אין חַיָּלוֹת, אונד דָארט איז געוועזען אַ שטיק פעלד פול מיט לינזען, אונד דָאס פָאלק איז אַנטלָאפען געוואָרען פָאר דיא פְּלִשְׁתִּים: 12 אונד ער הָאט זיך געשטעלט אין מיטען פון דעם פעלד אונד ער הָאט עס מַציל געוועזען, אונד ער הָאט דיא פְּלִשְׁתִּים געשלָאגען, אונד גָאט הָאט געטהון אַ גרויסע הילף: 13 אונד עס זענען אַרופּגעגַאנגען דרייא פון דיא דרייסיג הויפּטלייט, אונד זייא זענען אָנגעקומען צו דָוִד אין דער צייט פון דעם שניט, צו דער הייל עֲדֻלָּם, אונד דיא חַיָּלוֹת פון דיא פְּלִשְׁתִּים הָאבּען זיך געלַאגערט אין דעם טהָאל פון דיא רְפָאִים (ריזען): 14 אונד דָוִד איז דענסמָאל געוועזען אין דער פעסטונג, אונד דָאס אָנגעשטעלטע חַיִל פון דיא פְּלִשְׁתִּים זענען דענסמָאל געוועזען אין בֵּית לָחֶם: 15 אונד דָוִד הָאט געגלוסט אונד ער הָאט געזָאגט, ווער וועט מיר געבּען צו טרינקען וַואסער

פון

פוּן דֶעם בְּרוּנֶען אוּים בֵּית לֶחֶם, וָואס
אִיז בַּייא דֶעם טוֹיעֶר? 16 אַזוֹי הָאבֶּען
זִיךְ דִיא דְרֵייא גִבּוֹרִים דוּרְכְגֶעשְׁפָּאלְטֶען
דוּרְךְ דִיא מַחֲנֶה פוּן דִיא פְּלִשְׁתִּים, אוּנְד
זֵייא הָאבֶּען גֶעשֶׁעפְּט וַואסֶער פוּן דֶעם
בְּרוּנֶען אִין בֵּית לֶחֶם, וָואס אִיז בַּייא
דֶעם טוֹיעֶר, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען עֶס גֶע־
טְרָאגֶען אוּנְד גֶעבְּרַאכְט צוּ דָוִד, אָבֶּער
עֶר הָאט עֶס נִיט גֶעוָואלְט טְרִינְקֶען,
נֵייעֶרְט עֶר הָאט עֶס אוּיסְגֶעגָאסֶען פָאר
גָאט: 17 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, (חָלִילָה)
פֶערְמִיטֶען זָאל עֶס זַיין צוּ מִיר, אָ יְהֹוָה,
צוּ טְהוּן דִיא דָאזִיגֶע זַאךְ, אִיז עֶס נִיט
דָאס בְּלוּט פוּן דִיא מֶענֶער וָואס זֶענֶען
אַהִינְגֶעגַאנְגֶען מִיט דֶער סַכָּנָה פוּן זֵייעֶר
לֶעבֶּען? אוּנְד עֶר הָאט עֶס נִיט גֶעוָואלְט
טְרִינְקֶען; דָאס דָאזִיגֶע הָאבֶּען גֶעטְהוּן
דִיא דְרֵייא גִבּוֹרִים: 18 אוּנְד אֲבִישַׁי,
בְּרוּדֶער פוּן יוֹאָב זוּהְן פוּן צְרוּיָה, עֶר
אִיז גֶעוֶועזֶען דֶער הוֹיפְּטמַאן פוּן דִיא
דְרֵייא, אוּנְד עֶר הָאט אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען זַיין
שְׁפִּיז קֶעגֶען דְרֵייא הוּנְדֶערְט אוּנְד עֶר
הָאט זֵייא דֶערְשְׁלָאגֶען, אוּנְד עֶר הָאט גֶעהַאט אַ שֵׁם אוּנְטֶער דִיא דְרֵייא: 19 אִיז
עֶר נִיט גֶעוֶועזֶען דֶער בִּכְבוֹד׳סְטֶער פוּן דִיא דְרֵייא? אוּנְד עֶר אִיז אִיבֶּער זֵייא
גֶעוֶועזֶען צוּ אַ הַאר, אָבֶּער צוּ דִיא עֶרְשְׁטֶע דְרֵייא אִיז עֶר נִיט אָנְגֶעקוּמֶען: 20 אוּנְד
בְּנָיָהוּ זוּהְן פוּן יְהוֹיָדָע אַ זוּהְן פוּן אַ (שְׁטַארְקֶען) חַיִל׳ס מַאן פוּן קַבְצְאֵל, עֶר הָאט
גֶעטְהוּן פִיל (גוּטֶע) וֶוערְק—עֶר הָאט דֶערְשְׁלָאגֶען דִיא צְוֵויא לֵייבֶּענְשְׁטַארְקֶע מֶענֶער
פוּן מוֹאָב, אוּנְד עֶר הָאט אוֹיךְ אַרוּפְּגֶעניִדֶערְט אוּנְד הָאט דֶערְשְׁלָאגֶען דֶעם לֵייבּ אִין
דֶער גְרוּבּ, אִין דֶעם טָאג וָואס עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען שְׁנֵייא: 21 אוּנְד עֶר הָאט דֶערְשְׁלָא־
גֶען אַ מִצְרִי׳שֶׁען מַאן—אַן אָנְזֶעהֶענְדִיגֶען מַאן—אוּנְד אִין דֶער הַאנְד פוּן דֶעם מִצְרִי
אִיז גֶעוֶועזֶען אַ שְׁפִּיז, אוּנְד עֶר אִיז אַרוּפְּגֶעגַאנְגֶען צוּ אִיהם מִיט אַ רוּט, אוּנְד עֶר
הָאט אַוֶועקְגֶעגַזֶלְט דֶעם שְׁפִּיז פוּן דֶער הַאנְד פוּן דֶעם מִצְרִי, אוּנְד עֶר הָאט
אִיהם גֶעהַרְגֶעט מִיט זַיין אֵייגֶענֶעם שְׁפִּיז: 22 דִיא דָאזִיגֶע זַאכֶען הָאט בְּנָיָהוּ זוּהְן
פוּן יְהוֹיָדָע גֶעטְהוּן, אוּנְד עֶר הָאט גֶעהַאט אַ שֵׁם אוּנְטֶער דִיא דְרֵייא גִבּוֹרִים:
23 עֶר אִיז מֶעהְר גֶעעֶהְרְט גֶעוֶועזֶען פוּן דִיא דְרֵייסִיג, אָבֶּער צוּ דִיא עֶרְשְׁטֶע
דְרֵייא אִיז עֶר נִיט אָנְגֶעקוּמֶען, אוּנְד דָוִד הָאט אִיהם גֶעמַאכְט צוּ זַיין אֵייגֶענֶעם
הֶערְכְטֶער: 24 עֲשָׂהאֵל דֶער בְּרוּדֶער פוּן יוֹאָב אִיז גֶעוֶועזֶען אוּנְטֶער דִיא דְרֵייסִיג,
אֶלְחָנָן זוּהְן פוּן דוֹדוֹ אוּיס בֵּית לֶחֶם: 25 שַׁמָּה דֶער חֲרֹדִי; אֱלִיקָא דֶער חֲרֹדִי:
26 חֶלֶץ דֶער פַּלְטִי; עִירָא דֶער זוּהְן פוּן עִקֵּשׁ דֶער תְּקֹעִי: 27 אֲבִיעֶזֶר פוּן עֲנָתוֹת;
מְבֻנַּי פוּן חֻשָׁתִי: 28 צַלְמוֹן פוּן אֲחוֹחִי; מַהְרַי פוּן נְטוֹפָה: 29 חֵלֶב זוּהְן פוּן
בַּעֲנָה פוּן נְטוֹפָה; אִתַּי זוּהְן פוּן רִיבַי, פוּן גִבְעַת בִּנְיָמִן: 30 בְּנָיָהוּ פוּן פִּרְעָתוֹן;
הִדַּי פוּן דִיא טָאלֶען גָעַשׁ: 31 אֲבִי־עַלְבוֹן פוּן עַרְבָה; עַזְמָוֶת פוּן בַּרְחוּם: 32 אֶלְיַחְבָּא
פוּן שַׁעַלְבוֹן פוּן דִיא זִיהְן יָשֵׁן (דָאס אִיז) יְהוֹנָתָן: 33 שַׁמָּה פוּן הֲרָרִי; אֲחִיאָם
זוּהְן פוּן שָׁרָר פוּן אֲרָרִי: 34 אֱלִיפֶלֶט זוּהְן פוּן אֲחַסְבַּי, זוּהְן פוּן מַעֲכָת; אֱלִיעָם

16 מִבֹּאר בֵּית־לֶחֶם אֲשֶׁר בַּשָּׁעַר: וַיִּבְקְעוּ שְׁלֹשֶׁת הַגִּבֹּרִים
בְּמַחֲנֵה פְלִשְׁתִּים וַיִּשְׁאֲבוּ־מַיִם מִבֹּאר בֵּית־לֶחֶם אֲשֶׁר
בַּשַּׁעַר וַיִּשְׂאוּ וַיָּבִאוּ אֶל־דָּוִד וְלֹא אָבָה לִשְׁתּוֹתָם וַיַּסֵּךְ
17 אֹתָם לַיהוָה: וַיֹּאמֶר חָלִילָה לִּי יְהוָה מֵעֲשֹׂתִי זֹאת
הֲדַם הָאֲנָשִׁים הַהֹלְכִים בְּנַפְשׁוֹתָם וְלֹא אָבָה לִשְׁתּוֹתָם
18 אֵלֶּה עָשׂוּ שְׁלֹשֶׁת הַגִּבֹּרִים: וַאֲבִישַׁי אֲחִי ׀ יוֹאָב
בֶּן־צְרוּיָה הוּא רֹאשׁ הַשְּׁלֹשִׁי וְהוּא עוֹרֵר אֶת־חֲנִיתוֹ
19 עַל־שְׁלֹשׁ מֵאוֹת חָלָל וְלוֹ־שֵׁם בַּשְּׁלֹשָׁה: מִן־הַשְּׁלֹשָׁה
הֲכִי נִכְבָּד וַיְהִי לָהֶם לְשָׂר וְעַד־הַשְּׁלֹשָׁה לֹא־בָא:
כ וּבְנָיָהוּ בֶן־יְהוֹיָדָע בֶּן־אִישׁ־חַי רַב־פְּעָלִים
מִקַּבְצְאֵל הוּא הִכָּה אֵת שְׁנֵי אֲרִאֵל מוֹאָב וְהוּא יָרַד
21 וְהִכָּה אֶת־הָאֲרִיָּה בְּתוֹךְ הַבֹּאר בְּיוֹם הַשָּׁלֶג: וְהוּא
הִכָּה אֶת־אִישׁ מִצְרִי אֲשֶׁר מַרְאֶה וּבְיַד הַמִּצְרִי חֲנִית
וַיֵּרֶד אֵלָיו בַּשָּׁבֶט וַיִּגְזֹל אֶת־הַחֲנִית מִיַּד הַמִּצְרִי וַיַּהַרְגֵהוּ
22 בַּחֲנִיתוֹ: אֵלֶּה עָשָׂה בְּנָיָהוּ בֶּן־יְהוֹיָדָע וְלוֹ־שֵׁם בִּשְׁלֹשָׁה
23 הַגִּבֹּרִים: מִן־הַשְּׁלֹשִׁים נִכְבָּד וְאֶל־הַשְּׁלֹשָׁה לֹא־בָא
24 וַיְשִׂמֵהוּ דָוִד אֶל־מִשְׁמַעְתּוֹ: עֲשָׂהאֵל אֲחִי־יוֹאָב
כה בַּשְּׁלֹשִׁים אֶלְחָנָן בֶּן־דֹּדוֹ בֵּית לָחֶם: שַׁמָּה
26 הַחֲרֹדִי אֱלִיקָא הַחֲרֹדִי: חֶלֶץ הַפַּלְטִי עִירָא
27 בֶן־עִקֵּשׁ הַתְּקוֹעִי: אֲבִיעֶזֶר הָעַנְּתֹתִי מְבֻנַּי הַחֻשָׁתִי:
28 29 צַלְמוֹן הָאֲחֹחִי מַהְרַי הַנְּטֹפָתִי: חֵלֶב בֶּן־
בַּעֲנָה הַנְּטֹפָתִי אִתַּי בֶּן־רִיבַי מִגִּבְעַת בְּנֵי בִנְיָמִן:
ל 31 בְּנָיָהוּ פִּרְעָתֹנִי הִדַּי מִנַּחֲלֵי־גָעַשׁ: אֲבִי־עַלְבוֹן
32 הָעַרְבָתִי עַזְמָוֶת הַבַּרְחֻמִי: אֶלְיַחְבָּא הַשַּׁעַלְבֹנִי
33 בְּנֵי יָשֵׁן יְהוֹנָתָן: שַׁמָּה הַהֲרָרִי אֲחִיאָם בֶּן־שָׁרָר
34 הָאֲרָרִי: אֱלִיפֶלֶט בֶּן־אֲחַסְבַּי בֶּן־הַמַּעֲכָתִי אֱלִיעָם

לה בֶּן־אֲחִיתֹפֶל הַגִּלֹנִי׃ חֶצְרוֹ הַכַּרְמְלִי פַּעֲרַי הָאַרְבִּי׃
36 יִגְאָל בֶּן־נָתָן מִצֹּבָה בָּנִי הַגָּדִי׃
37 צֶלֶק הָעַמֹּנִי
38 נַחְרַי הַבְּאֵרֹתִי נֹשְׂאֵי כְּלֵי יוֹאָב בֶּן־צְרֻיָה׃ עִירָא
39 הַיִּתְרִי גָּרֵב הַיִּתְרִי׃ אוּרִיָּה הַחִתִּי כֹּל שְׁלֹשִׁים
וְשִׁבְעָה׃

כד כד

א וַיֹּסֶף אַף־יְהוָה לַחֲרוֹת בְּיִשְׂרָאֵל וַיָּסֶת אֶת־דָּוִד בָּהֶם
2 לֵאמֹר לֵךְ מְנֵה אֶת־יִשְׂרָאֵל וְאֶת־יְהוּדָה׃ וַיֹּאמֶר הַמֶּלֶךְ
אֶל־יוֹאָב ׀ שַׂר־הַחַיִל אֲשֶׁר־אִתּוֹ שׁוּט־נָא בְּכָל־שִׁבְטֵי
יִשְׂרָאֵל מִדָּן וְעַד־בְּאֵר שֶׁבַע וּפִקְדוּ אֶת־הָעָם וְיָדַעְתִּי
3 אֵת מִסְפַּר הָעָם׃ וַיֹּאמֶר יוֹאָב אֶל־הַמֶּלֶךְ וְיוֹסֵף יְהוָה
אֱלֹהֶיךָ אֶל־הָעָם כָּהֵם ׀ וְכָהֵם מֵאָה פְעָמִים וְעֵינֵי אֲדֹנִי־
הַמֶּלֶךְ רֹאוֹת וַאדֹנִי הַמֶּלֶךְ לָמָּה חָפֵץ בַּדָּבָר הַזֶּה׃
4 וַיֶּחֱזַק דְּבַר־הַמֶּלֶךְ אֶל־יוֹאָב וְעַל שָׂרֵי הֶחָיִל וַיֵּצֵא יוֹאָב
וְשָׂרֵי הַחַיִל לִפְנֵי הַמֶּלֶךְ לִפְקֹד אֶת־הָעָם אֶת־יִשְׂרָאֵל׃
ה וַיַּעַבְרוּ אֶת־הַיַּרְדֵּן וַיַּחֲנוּ בַעֲרוֹעֵר יְמִין הָעִיר אֲשֶׁר
6 בְּתוֹךְ־הַנַּחַל הַגָּד וְאֶל־יַעְזֵר׃ וַיָּבֹאוּ הַגִּלְעָדָה וְאֶל־אֶרֶץ
7 תַּחְתִּים חָדְשִׁי וַיָּבֹאוּ דָּנָה יַּעַן וְסָבִיב אֶל־צִידוֹן׃ וַיָּבֹאוּ
מִבְצַר־צֹר וְכָל־עָרֵי הַחִוִּי וְהַכְּנַעֲנִי וַיֵּצְאוּ אֶל־נֶגֶב יְהוּדָה
8 בְּאֵר שָׁבַע׃ וַיָּשֻׁטוּ בְּכָל־הָאָרֶץ וַיָּבֹאוּ מִקְצֵה תִשְׁעָה
9 חֳדָשִׁים וְעֶשְׂרִים יוֹם יְרוּשָׁלִָם׃ וַיִּתֵּן יוֹאָב אֶת־מִסְפַּר
מִפְקַד־הָעָם אֶל־הַמֶּלֶךְ וַתְּהִי יִשְׂרָאֵל שְׁמֹנֶה מֵאוֹת אֶלֶף
אִישׁ־חַיִל שֹׁלֵף חֶרֶב וְאִישׁ יְהוּדָה חֲמֵשׁ־מֵאוֹת אֶלֶף
י אִישׁ׃ וַיַּךְ לֵב־דָּוִד אֹתוֹ אַחֲרֵי־כֵן סָפַר אֶת־הָעָם
וַיֹּאמֶר דָּוִד אֶל־יְהוָה חָטָאתִי מְאֹד אֲשֶׁר עָשִׂיתִי וְעַתָּה
11 יְהוָה הַעֲבֶר־נָא אֶת־עֲוֺן עַבְדְּךָ כִּי נִסְכַּלְתִּי מְאֹד׃ וַיָּקָם
דָּוִד בַּבֹּקֶר • וּדְבַר־יְהוָה הָיָה אֶל־גָּד הַנָּבִיא

זוּהְן פוּן אֲחִיתוֹפֶל דֶער גִלוֹנִי: 35 חֶצְרַי פוּן כַּרְמֶל; פַּעֲרַי פוּן אַרָב: 36 יִגְאָל זוּהְן פוּן נָתָן פוּן צוֹבָה; בָּנִי פוּן שֵׁבֶט גָד: 37 צֶלֶק פוּן עַמוֹן; נַחְרַי פוּן בְּאֵרוֹת, עֶר אִיז גֶעוֶועזֶען דֶער גֶעוֶוער טְרֶעגֶער פוּן יוֹאָב זוּהְן פוּן צְרוּיָה: 38 עִירָא פוּן יֶתֶר; גָרֵב פוּן יֶתֶר: 39 אוּרִיָּה הַחִתִּי, אִים גַאנְצֶען זִיבֶּען אוּנְד דְרֵייסִיג:

## קאפיטעל כד

1 אוּנְד דֶער צָארְן פוּן גָאט הָאט נָאכְאַמָאל דֶערְגְרִימְט אִיבֶּער יִשְׂרָאֵל, אוּנְד עֶר הָאט דָוִד אָנְגֶערֵייצְט אָן זֵייא אַזוֹי צוּ זָאגֶען, גֵייא צֵייל יִשְׂרָאֵל אוּנְד יְהוּדָה: 2 אַזוֹי הָאט דֶער מֶלֶךְ גֶעזָאגְט צוּ יוֹאָב דֶעם אוֹיבֶּערְשְׁטֶען פוּן דֶעם חַיִל וָואס אִיז מִיט אִיהְם גֶעוֶועזֶען, לוֹיף דָאךְ אַרוּם אִין אַלֶע שְׁבָטִים פוּן יִשְׂרָאֵל, פוּן דָן בִּיז קֵיין בְּאֵר שֶׁבַע, אוּנְד צֵייל דָאס פָאלְק, אַז אִיךְ זָאל וִויסֶען דִיא צָאל פוּן דֶעם פָאלְק: 3 אוּנְד יוֹאָב הָאט גֶעזָאגְט צוּ דֶעם מֶלֶךְ, לָאז דֶער הַאר דֵיין גָאט פֶערְמֶעהְרֶען צוּ דֶעם פָאלְק נָאכְאַמָאל אַזוֹי פִיל וִויא זַייא זֶענֶען, בִּיז אַ הוּנְדֶערְט מָאל, כְּדֵי דִיא אוֹיגֶען פוּן מֵיין הַאר זָאלֶען עֶס זֶעהֶען, אָבֶּער פַארְוָואס הָאט מֵיין הַאר דֶער מֶלֶךְ אַ פֶערְלַאנְגֶען אִין דֶער דָאזִיגֶער זַאךְ? 4 אָבֶּער דָאס וָוארְט פוּן דֶעם מֶלֶךְ אִיז שְׁטַארְק גֶעוֶועזֶען צוּ יוֹאָב אוּנְד אִיבֶּער דִיא אוֹיבֶּערְשְׁטֶע פוּן דֶעם חַיִל; אַזוֹי זֶענֶען יוֹאָב אוּנְד דִיא אוֹיבֶּערְשְׁטֶע פוּן דֶעם חַיִל אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען פוּן פָאר דֶעם מֶלֶךְ, אוּם צוּ צֵיילֶען דָאס פָאלְק יִשְׂרָאֵל: 5 אוּנְד זַייא זֶענֶען אַרִיבֶּערְגֶעגַאנְגֶען דֶעם יַרְדֵן, אוּנְד הָאבֶּען זִיךְ גֶעלַאגֶערְט אִין עֲרוֹעֵר, אוֹיף דֶער רֶעכְטֶער זַייט פוּן דִיא שְׁטָאט וָואס אִיז צְווִישֶׁען דֶעם טְהָאל פוּן גָד אוּנְד בֵּייא יַעְזֵר: 6 אוּנְד זַייא זֶענֶען אָנְגֶעקוּמֶען קֵיין גִלְעָד, אוּנְד צוּ דֶעם לַאנְד תַּחְתִּים חָדְשִׁי, אוּנְד זַייא זֶענֶען גֶעקוּמֶען צוּ דָן־יַעַן, אוּנְד זַייא הָאבֶּען אַרוּמְגֶערִינְגֶעלְט בֵּייא צִידוֹן: 7 אוּנְד זַייא זֶענֶען גֶעקוּמֶען צוּ דֶער פֶעסְטוּנְג צוֹר, אוּנְד אַלֶע שְׁטֶעט פוּן דֶעם חִוִּי אוּנְד דֶעם כְּנַעֲנִי, אוּנְד זַייא זֶענֶען אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען צוּ דֶער דָרוֹם־זַייט פוּן יְהוּדָה קֵיין בְּאֵר שֶׁבַע: 8 אוּנְד וֶוען זַייא זֶענֶען דוּרְכְגֶעגַאנְגֶען אִין דֶעם גַאנְצֶען לַאנְד, אַזוֹי זֶענֶען זַייא אָנְגֶעקוּמֶען אָן דֶעם עֶנְד פוּן נַיין חֳדָשִׁים אוּנְד צְוַואנְצִיג טֶעג קֵיין יְרוּשָׁלַיִם: 9 אוּנְד יוֹאָב הָאט גֶעגֶעבֶּען דִיא צָאל פוּן דֶעם גֶעצֵיילְטֶען פָאלְק צוּ דֶעם מֶלֶךְ, אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אִין יִשְׂרָאֵל אַכְט הוּנְדֶערְט טוֹיזֶענְד שְׁטַארְקֶע חַיִל'ס לַייט וָואס הָאבֶּען גֶעצוֹיגֶען אַ שְׁוֶוערְד, אוּנְד צְווִישֶׁען דִיא מֶענֶער פוּן יְהוּדָה פִינְף טוֹיזֶענְד מַאן: 10 אוּנְד דָוִד'ס הַארְץ הָאט אִין אִיהְם גֶעקְלַאפְּט, נָאכְדֶעם עֶר הָאט גֶעלָאזְט צֵיילֶען דָאס פָאלְק — אוּנְד דָוִד הָאט גֶעזָאגְט צוּ גָאט, אִיךְ הָאבּ זֶעהְר גֶעזִינְדִיגְט מִיט דֶעם וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעטְהוּן, אוּנְד אַצוּנְד, אָ גָאט, אִיךְ בֶּעט דִיךְ, לָאז אִיבֶּערְפָאהְרֶען דִיא זִינְד פוּן דַיין קְנֶעכְט, וָוארִין אִיךְ הָאבּ זֶעהְר נַארִישׁ גֶעהַאנְדֶעלְט: 11 אוּנְד דָוִד אִיז אִין דֶער פְרִיה אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען — אוּנְד דָאס וָוארְט פוּן גָאט אִיז גֶעוֶועזֶען צוּ גָד הַנָּבִיא,

דעם

12 חֹזֵה דָוִד לֵאמֹר׃ הָלוֹךְ וְדִבַּרְתָּ אֶל־דָּוִד כֹּה אָמַר יְהוָה
שָׁלֹשׁ אָנֹכִי נוֹטֵל עָלֶיךָ בְּחַר־לְךָ אַחַת־מֵהֶם וְאֶעֱשֶׂה־לָּךְ׃
13 וַיָּבֹא־גָד אֶל־דָּוִד וַיַּגֶּד־לוֹ וַיֹּאמֶר לוֹ הֲתָבוֹא לְךָ שֶׁבַע
שָׁנִים ׀ רָעָב ׀ בְּאַרְצֶךָ וְאִם־שְׁלֹשָׁה חֳדָשִׁים נֻסְךָ לִפְנֵי־
צָרֶיךָ וְהוּא רֹדְפֶךָ וְאִם־הֱיוֹת שְׁלֹשֶׁת יָמִים דֶּבֶר בְּאַרְצֶךָ
14 עַתָּה דַּע וּרְאֵה מָה־אָשִׁיב שֹׁלְחִי דָּבָר׃ וַיֹּאמֶר
דָּוִד אֶל־גָּד צַר־לִי מְאֹד נִפְּלָה־נָּא בְיַד־יְהוָה כִּי־רַבִּים
15 רַחֲמָו וּבְיַד־אָדָם אַל־אֶפֹּלָה׃ וַיִּתֵּן יְהוָה דֶּבֶר בְּיִשְׂרָאֵל
מֵהַבֹּקֶר וְעַד־עֵת מוֹעֵד וַיָּמָת מִן־הָעָם מִדָּן וְעַד־בְּאֵר
16 שֶׁבַע שִׁבְעִים אֶלֶף אִישׁ׃ וַיִּשְׁלַח יָדוֹ הַמַּלְאָךְ ׀ יְרוּשָׁלִַם
לְשַׁחֲתָהּ וַיִּנָּחֶם יְהוָה אֶל־הָרָעָה וַיֹּאמֶר לַמַּלְאָךְ הַמַּשְׁחִית
בָּעָם רַב עַתָּה הֶרֶף יָדֶךָ וּמַלְאַךְ יְהוָה הָיָה עִם־גֹּרֶן
17 הָאֲוַרְנָה הַיְבֻסִי׃ וַיֹּאמֶר דָּוִד אֶל־יְהוָה בִּרְאֹתוֹ ׀
אֶת־הַמַּלְאָךְ ׀ הַמַּכֶּה בָעָם וַיֹּאמֶר הִנֵּה אָנֹכִי חָטָאתִי
וְאָנֹכִי הֶעֱוֵיתִי וְאֵלֶּה הַצֹּאן מֶה עָשׂוּ תְּהִי נָא יָדְךָ בִּי
18 וּבְבֵית אָבִי׃ וַיָּבֹא־גָד אֶל־דָּוִד בַּיּוֹם הַהוּא וַיֹּאמֶר
19 לוֹ עֲלֵה הָקֵם לַיהוָה מִזְבֵּחַ בְּגֹרֶן אֲרַנְיָה הַיְבֻסִי׃ וַיַּעַל
20 דָּוִד כִּדְבַר־גָּד כַּאֲשֶׁר צִוָּה יְהוָה׃ וַיַּשְׁקֵף אֲרַוְנָה
וַיַּרְא אֶת־הַמֶּלֶךְ וְאֶת־עֲבָדָיו עֹבְרִים עָלָיו וַיֵּצֵא אֲרַוְנָה
21 וַיִּשְׁתַּחוּ לַמֶּלֶךְ אַפָּיו אָרְצָה׃ וַיֹּאמֶר אֲרַוְנָה מַדּוּעַ
בָּא אֲדֹנִי־הַמֶּלֶךְ אֶל־עַבְדּוֹ וַיֹּאמֶר דָּוִד לִקְנוֹת מֵעִמְּךָ
אֶת־הַגֹּרֶן לִבְנוֹת מִזְבֵּחַ לַיהוָה וְתֵעָצַר הַמַּגֵּפָה מֵעַל
22 הָעָם׃ וַיֹּאמֶר אֲרַוְנָה אֶל־דָּוִד יִקַּח וְיַעַל אֲדֹנִי הַמֶּלֶךְ
הַטּוֹב בְּעֵינָו רְאֵה הַבָּקָר לָעֹלָה וְהַמֹּרִגִּים וּכְלֵי הַבָּקָר
23 לָעֵצִים׃ הַכֹּל נָתַן אֲרַוְנָה הַמֶּלֶךְ לַמֶּלֶךְ • וַיֹּאמֶר
24 אֲרַוְנָה אֶל־הַמֶּלֶךְ יְהוָה אֱלֹהֶיךָ יִרְצֶךָ׃ וַיֹּאמֶר הַמֶּלֶךְ
אֶל־אֲרַוְנָה לֹא כִּי־קָנוֹ אֶקְנֶה מֵאוֹתְךָ בִּמְחִיר וְלֹא אַעֲלֶה

דֶעם זֶעהֶר פוּן דָוִד אַזוֹי צוּ זָאגֶען:
12 גֵייא אַהִין אוּנְד רֶעד צוּ דָוִד, אַזוֹי
זָאגְט יְהוָֹה, אִיךְ לֵייג דִיר פָאר דְרֵייא
זַאכֶען, דֶערְוֵויל דִיר אֵיינֶם פוּן זֵייא אַז
אִיךְ זָאל עֶס צוּ דִיר טְהוּן: 13 אוּנְד גָד
אִיז גֶעקוּמֶען צוּ דָוִד אוּנְד עֶר הָאט צוּ
אִיהְם גֶעזָאגְט, זָאל צוּ דִיר קוּמֶען זִיבֶּען
יָאהְר הוּנְגֶער אִין דֵיין לַאנְד? אָדֶער
זָאלְסְט דוּא אַנְטְלוֹיפֶען דְרֵייא חֳדָשִׁים
פָאר דֵיין פֵיינְד אוּנְד עֶר זָאל דִיךְ נָאכְ־
יָאגֶען? אָדֶער זָאל עֶס זֵיין דְרֵייא טֶעג אַ
מַגֵּפָה (דֶּבֶר) אִין דֵיין לַאנְד? אַצוּנְד לָאז
ווִיסֶען אוּנְד זֶעה וָואס אִיךְ זָאל עֶנְטְפֶערְן
צוּ דֶעם וָואס הָאט מִיךְ צוּ דִיר גֶעשִׁיקְט:
14 אוּנְד דָוִד הָאט גֶעזָאגְט צוּ גָד, עֶס
אִיז מִיר זֶעהְר עֶנְג, אִיךְ ווִיל לִיבֶּער
פַאלֶען אִין דִיא הֶענְד פוּן גָאט, וָוארִין
זֵיינֶע דֶערְבַּארְמוּנְג אִיז גְרוֹיס, אָבֶּער אִין
דִיא הֶענְד פוּן מֶענְשֶׁען ווִיל אִיךְ נִיט
פַאלֶען: 15 אַזוֹי הָאט גָאט אַרוֹיסְגֶעשִׁיקְט
דִיא מַגֵּפָה אִין יִשְׂרָאֵל פוּן פְרִיה מָארְגֶענְס
בִּיז צוּ דֶער בֶּעשְׁטִימְטֶער צֵייט, אוּנְד עֶס
אִיז פוּן דֶעם פָאלְק אוֹיסְגֶעשְׁטָארְבֶּען—
פוּן דָן בִּיז בְּאֵר שֶׁבַע— זִיבְּצִיג טוֹיזֶענְד מַאן: 16 אוּנְד וֶוען דֶער מַלְאָךְ הַמַּשְׁחִית הָאט
אוֹיסְגֶעשְׁטְרֶעקְט זֵיינֶע הַאנְד אִיבֶּער יְרוּשָׁלַיִם זִיא צוּ פֶערְדַארְבֶּען, אַזוֹי הָאט גָאט
חַרָטָה גֶעהַאט אִיבֶּער דֶעם שְׁלֶעכְטֶען, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט צוּ דֶעם מַלְאָךְ וָואס
הָאט פֶערְדָארְבֶּען אַזוֹי פִיל פוּן דֶעם פָאלְק, אַצוּנְד צִיה צוּרִיק דֵיינֶע הַאנְד. אוּנְד דֶער
מַלְאָךְ פוּן יְהוָֹה אִיז שׁוֹין גֶעוֶועזֶען בֵּייא דֶער שֵׁייעֶר פוּן אֲרַוְנָה דֶעם יְבוּסִי: 17 אוּנְד
דָוִד הָאט גֶעזָאגְט צוּ גָאט, אִיךְ הָאבּ גֶעזִינְדִיגְט, אוּנְד אִיךְ הָאבּ אוּמְרֶעכְט גֶעטְהוּן,
אָבֶּער דִיא דָאזִיגֶע שָׁאף וָואס הָאבֶּען זֵייא גֶעטְהוּן? לָאז דָאךְ דֵיינֶע הַאנְד זֵיין אָן מִיר
אוּנְד אָן מֵיין פָאטֶערְס הוֹיז: 18 אוּנְד גָד אִיז אִין דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען טָאג גֶעקוּמֶען צוּ דָוִד, אוּנְד
עֶר הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, גֵייא אַרוֹיף אוּנְד שְׁטֶעל אוֹיף אַ מִזְבֵּחַ אִין דֶער שֵׁייעֶר פוּן
אֲרַוְנָה דֶעם יְבוּסִי: 19 אַזוֹי אִיז דָוִד אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען נָאךְ דֶעם וָוארְט פוּן גָד, אַזוֹי
ווִיא גָאט הָאט גֶעבָּאטֶען: 20 אוּנְד אֲרַוְנָה הָאט גֶעקוּקְט, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזֶעהֶען דָאס
דֶער מֶלֶךְ אוּנְד זֵיינֶע קְנֶעכְט זֶענֶען פָאר אִיהְם פֶערְבֵּייא גֶעגַאנְגֶען, אַזוֹי אִיז אֲרַוְנָה
אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ גֶעבִּיקְט צוּ דֶעם מֶלֶךְ מִיט זֵיין פָּנִים צוּ דֶער עֶרְד:
21 אוּנְד אֲרַוְנָה הָאט גֶעזָאגְט, פַארְוָואס אִיז מֵיין הַאר דֶער מֶלֶךְ גֶעקוּמֶען צוּ זֵיין
קְנֶעכְט, אַזוֹי הָאט דָוִד גֶעזָאגְט, דִיא שֵׁייעֶר פוּן דִיר צוּ קוֹיפֶען, אוּם אוֹיפְצוּבּוֹיעֶן אַ
מִזְבֵּחַ צוּ גָאט, כְּדֵי דִיא מַגֵּפָה זָאל אָפְּגֶעהַאלְטֶען וֶוערֶען פוּן דֶעם פָאלְק: 22 אוּנְד
אֲרַוְנָה הָאט גֶעזָאגְט צוּ דָוִד, לָאז דָאךְ מֵיין הַאר דֶער קֶענִיג נֶעמֶען וָואס אִיז גוּט אִין
זֵיינֶע אוֹיגֶען, זֶעה, הִיעֶר זֶענֶען אָקְסֶען פַאר אַ בְּרַאנְד־אָפְּפֶער, אוּנְד דִיא דְרֶעשְׁ־
הֶעלְצֶער אוּנְד כֵּלִים פוּן דִיא רִינְדֶער זָאלֶען זֵיין אַלְס הָאלְץ: 23 דָאס אַלֶעס
הָאט אֲרַוְנָה הַמֶּלֶךְ גֶעגֶעבֶּען צוּ דֶעם מֶלֶךְ—אוּנְד אֲרַוְנָה הָאט גֶעזָאגְט צוּ דֶעם
מֶלֶךְ, יְהוָֹה דֵיין גָאט זָאל דִיךְ ווִילִיג אָנְנֶעמֶען: 24 אוּנְד דֶער מֶלֶךְ הָאט גֶעזָאגְט צוּ
אַרַוְנָה, נַיין! גֶייעֶרְט אִיךְ וֶועל עֶס פוּן דִיר גֶעווִיס קוֹיפֶען, אִיךְ ווִיל נִיט מַקְרִיב זֵיין

לַיהוָה אֱלֹהַי עֹלוֹת חִנָּם וַיִּקֶן דָּוִד אֶת־הַגֹּרֶן וְאֶת־הַבָּקָר
כה בְּכֶסֶף שְׁקָלִים חֲמִשִּׁים׃ וַיִּבֶן שָׁם דָּוִד מִזְבֵּחַ לַיהוָה
וַיַּעַל עֹלוֹת וּשְׁלָמִים וַיֵּעָתֵר יְהוָה לָאָרֶץ וַתֵּעָצַר הַמַּגֵּפָה
מֵעַל יִשְׂרָאֵל׃

חזק

סכום הפסוקים של ספר שמואל אלף וחמש מאות ושש׳. וסימנו אשדת חמוץ: וסדריו ל״ד. וסימנו פותח את ידך: וחציו ולאשה ענל מרבק:

---

צו דעם האר מיין גאט קרבנות וואס קאסטען מיך ניט; אזוי האט דוד געקויפט דיא שייער אונד דיא רינדער פאר פופציג זילבערנע שקלים: 25 אונד דוד האט דארטען געבויעט א מזבח צו גאט, אונד ער האט אויפגעבראכט בראנד־אפפער, אונד פריד־אפפער, אזוי האט זיך גאט געלאזט ערבעטען וועגען דעם לאנד, אונד דיא מגפה האט אויפגעהערט פון ישראל:

חזק

אללע פסוקים פון שמואל א אונד ב זענען איין טויזענד פינף הונדערט אונד זעכס; אונד דיא העלפט איז שמואל א קאפיטעל כ״ח, פסוק כ״ד; אונד האבען צוואמען פינף אונד פופציג קאפיטעל:

# מלכים א

וְהַמֶּלֶךְ דָּוִד זָקֵן בָּא בַּיָּמִים וַיְכַסֻּהוּ בַּבְּגָדִים וְלֹא יִחַם לוֹ׃ א
וַיֹּאמְרוּ לוֹ עֲבָדָיו יְבַקְשׁוּ לַאדֹנִי הַמֶּלֶךְ נַעֲרָה בְתוּלָה 2
וְעָמְדָה לִפְנֵי הַמֶּלֶךְ וּתְהִי־לוֹ סֹכֶנֶת וְשָׁכְבָה בְחֵיקֶךָ וְחַם
לַאדֹנִי הַמֶּלֶךְ׃ וַיְבַקְשׁוּ נַעֲרָה יָפָה בְּכֹל גְּבוּל יִשְׂרָאֵל 3
וַיִּמְצְאוּ אֶת־אֲבִישַׁג הַשּׁוּנַמִּית וַיָּבִאוּ אֹתָהּ לַמֶּלֶךְ׃ וְהַנַּעֲרָה 4
יָפָה עַד־מְאֹד וַתְּהִי לַמֶּלֶךְ סֹכֶנֶת וַתְּשָׁרְתֵהוּ וְהַמֶּלֶךְ לֹא
יְדָעָהּ׃ וַאֲדֹנִיָּה בֶן־חַגִּית מִתְנַשֵּׂא לֵאמֹר אֲנִי אֶמְלֹךְ וַיַּעַשׂ ה
לוֹ רֶכֶב וּפָרָשִׁים וַחֲמִשִּׁים אִישׁ רָצִים לְפָנָיו׃ וְלֹא־עֲצָבוֹ 6
אָבִיו מִיָּמָיו לֵאמֹר מַדּוּעַ כָּכָה עָשִׂיתָ וְגַם־הוּא טוֹב־תֹּאַר
מְאֹד וְאֹתוֹ יָלְדָה אַחֲרֵי אַבְשָׁלוֹם׃ וַיִּהְיוּ דְבָרָיו עִם יוֹאָב 7
בֶּן־צְרוּיָה וְעִם אֶבְיָתָר הַכֹּהֵן וַיַּעְזְרוּ אַחֲרֵי אֲדֹנִיָּה׃ וְצָדוֹק 8
הַכֹּהֵן וּבְנָיָהוּ בֶן־יְהוֹיָדָע וְנָתָן הַנָּבִיא וְשִׁמְעִי וְרֵעִי וְהַגִּבּוֹרִים
אֲשֶׁר לְדָוִד לֹא הָיוּ עִם־אֲדֹנִיָּהוּ׃ וַיִּזְבַּח אֲדֹנִיָּהוּ צֹאן וּבָקָר 9
וּמְרִיא עִם אֶבֶן הַזֹּחֶלֶת אֲשֶׁר־אֵצֶל עֵין רֹגֵל וַיִּקְרָא אֶת־
כָּל־אֶחָיו בְּנֵי הַמֶּלֶךְ וּלְכָל־אַנְשֵׁי יְהוּדָה עַבְדֵי הַמֶּלֶךְ׃
וְאֶת־נָתָן הַנָּבִיא וּבְנָיָהוּ וְאֶת־הַגִּבּוֹרִים וְאֶת־שְׁלֹמֹה אָחִיו י
לֹא קָרָא׃ וַיֹּאמֶר נָתָן אֶל־בַּת־שֶׁבַע אֵם־שְׁלֹמֹה לֵאמֹר 11
הֲלוֹא שָׁמַעַתְּ כִּי מָלַךְ אֲדֹנִיָּהוּ בֶן־חַגִּית וַאדֹנֵינוּ דָוִד לֹא
יָדָע׃ וְעַתָּה לְכִי אִיעָצֵךְ נָא עֵצָה וּמַלְּטִי אֶת־נַפְשֵׁךְ וְאֶת־ 12
נֶפֶשׁ בְּנֵךְ שְׁלֹמֹה׃ לְכִי וּבֹאִי ׀ אֶל־הַמֶּלֶךְ דָּוִד וְאָמַרְתְּ אֵלָיו 13

1 אוּנד דער קעניג דָוִד איז אַלט גע־
וואָרען, ער איז געוואָרען בעטאָגט, אוּנד
מען האָט איהם צוּגעדעקט מיט קליידער,
אָבער עס איז איהם ניט וואַרם געוואָרען׃
2 אוּנד זיינע קנעכט האָבען צוּ איהם
געזאָגט, מען זאָל זוּכען אַ יוּנגפרויא
פאַר מיין האַר דעם קעניג, אוּנד זיא
זאָל שטעהן פאַר דעם קעניג, אוּנד זיא
זאָל איהם זיין אַ וואַרטערין, אוּנד ווען
זיא וועט ליגען אין דיין שוֹיס, אַזוֹי
וועט זיין וואַרם צוּ מיין האַר דעם
קעניג׃ 3 אוּנד זייא האָבען געזוּכט אַ
שעהנע יוּנגפרויא אין דער גאַנצען
גרענעץ פוּן יִשְׂרָאֵל, אוּנד זייא האָבען
געפוּנען אֲבִישַׁג דיא שוּנַמִית, אוּנד זייא
האָבען זיא געבּראַכט צוּ דעם קעניג׃
4 אוּנד דיא יוּנגפרויא איז זעהר שעהן
געוועזען, אוּנד זיא איז געוועזען פאַר דעם קעניג אַ וואַרטערין, אוּנד זיא האָט איהם
בעדינט, אָבער דער קעניג האָט זיא ניט בעשלאָפען׃ 5 אוּנד אֲדֹנִיָה בֶּן חַגִית האָט
זיך דערהויבען, אַזוֹי צוּ זאָגען, איך וועל רעגירען, אוּנד ער האָט זיך געמאַכט רייט־
וואָגען, אוּנד רייטער, אוּנד פוּפציג מאַן זענען געלאָפען פאַר איהם׃ 6 אוּנד זיין
פאָטער האָט זיך קיין מאָל ניט בעקימערט, צוּ זאָגען, וואָרוּם טהוּסט דוּא אַזוֹי? אוּנד
ער איז אויך געוועזען זעהר שעהן פוּן געשטאַלט, אוּנד איהם האָט זיא געבוֹירען
נאָך אַבְשָׁלוֹם׃ 7 אוּנד זיינע (ערשטע) רייד זענען געוועזען מיט יוֹאָב בֶּן צְרוּיָה,
אוּנד מיט אֶבְיָתָר הַכֹּהֵן, אוּנד זייא האָבען געהאָלפען נאָך אֲדֹנִיָהוּ׃ 8 אוּנד צָדוֹק
הַכֹּהֵן, אוּנד בְּנָיָהוּ בֶּן יְהוֹיָדָע, אוּנד נָתָן הַנָּבִיא, אוּנד שִׁמְעִי אוּנד רֵעִי, אוּנד דָוִד׳ס
גִבּוֹרִים זענען ניט געוועזען מיט אֲדֹנִיָהוּ׃ 9 אוּנד אֲדֹנִיָהוּ האָט געשאָכטען שאָף
אוּנד רינדער אוּנד געשטאָפטע פיה בייא דעם אֶבֶן־הַזּוֹחֶלֶת וואָס איז בייא עֵין רֹגֵל,
אוּנד ער האָט גערוּפען אַלע זיינע ברידער, דיא בְּנֵי הַמֶּלֶךְ אוּנד אַלע לייט פוּן (שֵׁבֶט)
יְהוּדָה דעם קעניגס קנעכט׃ 10 אָבער נָתָן דעם נָבִיא, אוּנד בְּנָיָהוּ, אוּנד דיא גִבּוֹרִים,
אוּנד זיין בּרוּדער שְׁלֹמֹה, האָט ער ניט גערוּפען׃ 11 אוּנד נָתָן האָט געזאָגט צוּ בַּת
שֶׁבַע, שְׁלֹמֹה׳ס מוּטער, אַזוֹי צוּ זאָגען, האָסט דוּא ניט געהערט, אַז אֲדֹנִיָהוּ בֶּן חַגִית
איז קעניג געוואָרען? אוּנד אוּנזער האַר דָוִד, האָט עס ניט געוואוּסט׃ 12 אוּנד אַצוּנד,
געה, איך וועל דיר איין עֵצָה געבען, אוּנד רעטטע דיין נֶפֶשׁ אוּנד דיין זוּהן שְׁלֹמֹה׳ס
נֶפֶשׁ׃ 13 געה, אוּנד קוּם צוּ דעם קעניג דָוִד, אוּנד דוּא זאָלסט צוּ איהם זאָגען,

הֲלֹא־אַתָּה אֲדֹנִי הַמֶּלֶךְ נִשְׁבַּעְתָּ לַאֲמָתְךָ לֵאמֹר כִּי־שְׁלֹמֹה
בְנֵךְ יִמְלֹךְ אַחֲרַי וְהוּא יֵשֵׁב עַל־כִּסְאִי וּמַדּוּעַ מָלַךְ
14 אֲדֹנִיָּהוּ׃ הִנֵּה עוֹדָךְ מְדַבֶּרֶת שָׁם עִם־הַמֶּלֶךְ וַאֲנִי אָבוֹא
טו אַחֲרַיִךְ וּמִלֵּאתִי אֶת־דְּבָרָיִךְ׃ וַתָּבֹא בַת־שֶׁבַע אֶל־הַמֶּלֶךְ
הַחַדְרָה וְהַמֶּלֶךְ זָקֵן מְאֹד וַאֲבִישַׁג הַשּׁוּנַמִּית מְשָׁרַת אֶת־
16 הַמֶּלֶךְ׃ וַתִּקֹּד בַּת־שֶׁבַע וַתִּשְׁתַּחוּ לַמֶּלֶךְ וַיֹּאמֶר הַמֶּלֶךְ
17 מַה־לָּךְ׃ וַתֹּאמֶר לוֹ אֲדֹנִי אַתָּה נִשְׁבַּעְתָּ בַּיהוָה אֱלֹהֶיךָ
לַאֲמָתֶךָ כִּי־שְׁלֹמֹה בְנֵךְ יִמְלֹךְ אַחֲרָי וְהוּא יֵשֵׁב עַל־כִּסְאִי׃
18 וְעַתָּה הִנֵּה אֲדֹנִיָּה מָלָךְ וְעַתָּה אֲדֹנִי הַמֶּלֶךְ לֹא יָדָעְתָּ׃
19 וַיִּזְבַּח שׁוֹר וּמְרִיא־וְצֹאן לָרֹב וַיִּקְרָא לְכָל־בְּנֵי הַמֶּלֶךְ
וּלְאֶבְיָתָר הַכֹּהֵן וּלְיֹאָב שַׂר הַצָּבָא וְלִשְׁלֹמֹה עַבְדְּךָ לֹא
כ קָרָא׃ וְאַתָּה אֲדֹנִי הַמֶּלֶךְ עֵינֵי כָל־יִשְׂרָאֵל עָלֶיךָ לְהַגִּיד
21 לָהֶם מִי יֵשֵׁב עַל־כִּסֵּא אֲדֹנִי־הַמֶּלֶךְ אַחֲרָיו׃ וְהָיָה
כִּשְׁכַב אֲדֹנִי־הַמֶּלֶךְ עִם־אֲבֹתָיו וְהָיִיתִי אֲנִי וּבְנִי שְׁלֹמֹה
22 חַטָּאִים׃ וְהִנֵּה עוֹדֶנָּה מְדַבֶּרֶת עִם־הַמֶּלֶךְ וְנָתָן הַנָּבִיא
23 בָּא׃ וַיַּגִּידוּ לַמֶּלֶךְ לֵאמֹר הִנֵּה נָתָן הַנָּבִיא וַיָּבֹא לִפְנֵי
24 הַמֶּלֶךְ וַיִּשְׁתַּחוּ לַמֶּלֶךְ עַל־אַפָּיו אָרְצָה׃ וַיֹּאמֶר נָתָן
אֲדֹנִי הַמֶּלֶךְ אַתָּה אָמַרְתָּ אֲדֹנִיָּהוּ יִמְלֹךְ אַחֲרָי וְהוּא
כה יֵשֵׁב עַל־כִּסְאִי׃ כִּי ׀ יָרַד הַיּוֹם וַיִּזְבַּח שׁוֹר וּמְרִיא־וְצֹאן
לָרֹב וַיִּקְרָא לְכָל־בְּנֵי הַמֶּלֶךְ וּלְשָׂרֵי הַצָּבָא וּלְאֶבְיָתָר
הַכֹּהֵן וְהִנָּם אֹכְלִים וְשֹׁתִים לְפָנָיו וַיֹּאמְרוּ יְחִי הַמֶּלֶךְ
26 אֲדֹנִיָּהוּ׃ וְלִי אֲנִי־עַבְדֶּךָ וּלְצָדֹק הַכֹּהֵן וְלִבְנָיָהוּ בֶן־
27 יְהוֹיָדָע וְלִשְׁלֹמֹה עַבְדְּךָ לֹא קָרָא׃ אִם מֵאֵת אֲדֹנִי הַמֶּלֶךְ
נִהְיָה הַדָּבָר הַזֶּה וְלֹא הוֹדַעְתָּ אֶת־עַבְדְּךָ מִי יֵשֵׁב עַל־
28 כִּסֵּא אֲדֹנִי־הַמֶּלֶךְ אַחֲרָיו׃ וַיַּעַן הַמֶּלֶךְ דָּוִד וַיֹּאמֶר קִרְאוּ־
לִי לְבַת־שָׁבַע וַתָּבֹא לִפְנֵי הַמֶּלֶךְ וַתַּעֲמֹד לִפְנֵי הַמֶּלֶךְ׃
29 וַיִּשָּׁבַע הַמֶּלֶךְ וַיֹּאמַר חַי־יְהוָה אֲשֶׁר־פָּדָה אֶת־נַפְשִׁי

האָסט דוא ניט, מיין האַר קעניג, געשוואוירען צו דיינע דינסט־מויד אַזוי צו זאָגען, אַז דיין זוהן שלמה וועט קעניגען נאָך מיר, אונד ער וועט זיצען, אויף מיין שטוהל, אונד וואַרום קעניגט אֲדֹנִיָּהוּ? 14 זעה, ווען דוא רעדסט נאָך מיט דעם קעניג, אַזוי וועל איך קומען נאָך דיר, אונד איך וועל בעשטעטיגען דיינע ווערטער: 15 אונד בַּת־שֶׁבַע איז געקומען צו דעם קעניג אין צימער אַריין, אונד דער קעניג וואַר זעהר אַלט; אונד אֲבִישַׁג הַשּׁוּנַמִּית האָט דעם קעניג בעדינט: 16 אונד בַּת־שֶׁבַע האָט זיך גענייגט, אונד זיא האָט זיך געביקט צום קעניג, אונד דער קעניג האָט געזאָגט, וואָס איז דיר? 17 אונד זיא האָט צו איהם געזאָגט, מיין האַר, דוא האָסט געשוואוירען בייא דעם האַר דיין גאָט צו דיינע דינסט, אַז דיין זוהן שְׁלֹמֹה וועט קעניגען נאָך מיר, אונד ער וועט זיצען אויף מיין שטוהל: 18 אונד יעצט, זעה, אֲדֹנִיָּהוּ רעגירט, אונד יעצט מיין האַר קעניג וויסט עס ניט: 19 אונד ער האָט געשאָכטען, אָקסען, אונד געשטאָפּטע פיה זעהר פיל אונד ער האָט גערופען אַלע בְּנֵי הַמֶּלֶךְ, אונד אֶבְיָתָר דעם כֹּהֵן, אונד דעם הויפּט־מאַן יוֹאָב, אָבער דיין קנעכט שְׁלֹמֹה האָט ער ניט גערופען: 20 אונד דוא, מיין האַר קעניג, וואָס דיא אויגען פון גאַנץ יִשְׂרָאֵל (קוקען) אויף דיר, אום זייא צו זאָגען, ווער עס זאָל זיצען אויף מיין האַר דעם קעניג׳ס שטוהל נאָך איהם: 21 אונד עס וועט זיין, ווען מיין האַר דער קעניג וועט זיך לייגען מיט זיינע עלטערן, וועל איך זיין מיט מיין זוהן שְׁלֹמֹה אַלס זינדיגע: 22 אונד וועהרענד זיא האָט נאָך גערעט מיט דעם קעניג, איז נָתָן הַנָּבִיא געקומען: 23 אונד זייא האָבען געזאָגט צו דעם קעניג אַזוי צו זאָגען, זעה, נָתָן דער נביא, אונד ווען ער איז געקומען פאַר דעם קעניג, האָט ער זיך געביקט פאַר דעם קעניג אויף זיין פָּנִים צו דער ערד: 24 אונד נָתָן האָט געזאָגט, מיין האַר קעניג, האָסט דוא געזאָגט אַז אֲדֹנִיָּהוּ וועט קעניגען נאָך מיר? אונד ער וועט זיצען אויף מיין שטוהל? 25 וואָרין ער האָט היינט אַפּגעזעגענדערט, אונד ער האָט געשאָכטען אָקסען, אונד געשטאָפּטע פיה אונד פיל שאָף, אונד האָט גערופען אַלע קעניגס זיהן, אונד דיא הויפּט־לייט, אונד אֶבְיָתָר דעם כֹּהֵן, אונד זעה, זייא עסען אונד טרינקען פאַר איהם, אונד זאָגען, דער קעניג אֲדֹנִיָּהוּ זאָל לעבען: 26 אונד מיך דיין קנעכט, אונד צָדוֹק הַכֹּהֵן, אונד בְּנָיָהוּ בֶּן יְהוֹיָדָע, אונד דיין קנעכט שְׁלֹמֹה האָט ער ניט גערופען: 27 אויב דיא דאָזיגע זאַך איז געוואָרען פון מיין האַר דעם קעניג—אונד דוא האָסט עס ניט צו וויסען געגעבען דיין קנעכט— ווער עס זאָל זיצען אויף מיין האַר דעם קעניג׳ס שטוהל נאָך איהם? 28 אונד דער קעניג דָּוִד האָט געענטפערט, אונד געזאָגט, רופט מיר בַּת־שֶׁבַע, אונד זיא איז געקומען פאַר דעם קעניג, אונד זיא איז געשטאַנען פאַר דעם קעניג: 29 אונד דער קעניג האָט געשוואוירען, אונד געזאָגט, אַזוי וואָהר וויא גאָט לעבט, וואָס ער האָט אויסגעלייזט מיינע זעלע

פון

ל מִכָּל־צָרָה׃ כִּי כַּאֲשֶׁר נִשְׁבַּעְתִּי לָךְ בַּיהוָה אֱלֹהֵי יִשְׂרָאֵל
לֵאמֹר כִּי־שְׁלֹמֹה בְנֵךְ יִמְלֹךְ אַחֲרַי וְהוּא יֵשֵׁב עַל־כִּסְאִי
31 תַּחְתָּי כִּי כֵּן אֶעֱשֶׂה הַיּוֹם הַזֶּה׃ וַתִּקֹּד בַּת־שֶׁבַע אַפַּיִם
אֶרֶץ וַתִּשְׁתַּחוּ לַמֶּלֶךְ וַתֹּאמֶר יְחִי אֲדֹנִי הַמֶּלֶךְ דָּוִד לְעֹלָם׃
32 וַיֹּאמֶר ׀ הַמֶּלֶךְ דָּוִד קִרְאוּ־לִי לְצָדוֹק הַכֹּהֵן וּלְנָתָן
33 הַנָּבִיא וְלִבְנָיָהוּ בֶּן־יְהוֹיָדָע וַיָּבֹאוּ לִפְנֵי הַמֶּלֶךְ׃ וַיֹּאמֶר
הַמֶּלֶךְ לָהֶם קְחוּ עִמָּכֶם אֶת־עַבְדֵי אֲדֹנֵיכֶם וְהִרְכַּבְתֶּם
אֶת־שְׁלֹמֹה בְנִי עַל־הַפִּרְדָּה אֲשֶׁר־לִי וְהוֹרַדְתֶּם אֹתוֹ אֶל־
34 גִּחוֹן׃ וּמָשַׁח אֹתוֹ שָׁם צָדוֹק הַכֹּהֵן וְנָתָן הַנָּבִיא לְמֶלֶךְ
עַל־יִשְׂרָאֵל וּתְקַעְתֶּם בַּשּׁוֹפָר וַאֲמַרְתֶּם יְחִי הַמֶּלֶךְ שְׁלֹמֹה׃
לה וַעֲלִיתֶם אַחֲרָיו וּבָא וְיָשַׁב עַל־כִּסְאִי וְהוּא יִמְלֹךְ תַּחְתָּי
36 וְאֹתוֹ צִוִּיתִי לִהְיוֹת נָגִיד עַל־יִשְׂרָאֵל וְעַל־יְהוּדָה׃ וַיַּעַן
בְּנָיָהוּ בֶן־יְהוֹיָדָע אֶת־הַמֶּלֶךְ וַיֹּאמֶר ׀ אָמֵן כֵּן יֹאמַר יְהוָה
37 אֱלֹהֵי אֲדֹנִי הַמֶּלֶךְ׃ כַּאֲשֶׁר הָיָה יְהוָה עִם־אֲדֹנִי הַמֶּלֶךְ
כֵּן יְהִי עִם־שְׁלֹמֹה וִיגַדֵּל אֶת־כִּסְאוֹ מִכִּסֵּא אֲדֹנִי הַמֶּלֶךְ
38 דָּוִד׃ וַיֵּרֶד צָדוֹק הַכֹּהֵן וְנָתָן הַנָּבִיא וּבְנָיָהוּ בֶן־יְהוֹיָדָע
וְהַכְּרֵתִי וְהַפְּלֵתִי וַיַּרְכִּבוּ אֶת־שְׁלֹמֹה עַל־פִּרְדַּת הַמֶּלֶךְ
39 דָּוִד וַיֹּלִכוּ אֹתוֹ עַל־גִּחוֹן׃ וַיִּקַּח צָדוֹק הַכֹּהֵן אֶת־קֶרֶן
הַשֶּׁמֶן מִן־הָאֹהֶל וַיִּמְשַׁח אֶת־שְׁלֹמֹה וַיִּתְקְעוּ בַּשּׁוֹפָר
מ וַיֹּאמְרוּ כָּל־הָעָם יְחִי הַמֶּלֶךְ שְׁלֹמֹה׃ וַיַּעֲלוּ כָל־הָעָם
אַחֲרָיו וְהָעָם מְחַלְּלִים בַּחֲלִלִים וּשְׂמֵחִים שִׂמְחָה גְדוֹלָה
41 וַתִּבָּקַע הָאָרֶץ בְּקוֹלָם׃ וַיִּשְׁמַע אֲדֹנִיָּהוּ וְכָל־הַקְּרֻאִים
אֲשֶׁר אִתּוֹ וְהֵם כִּלּוּ לֶאֱכֹל וַיִּשְׁמַע יוֹאָב אֶת־קוֹל הַשּׁוֹפָר
42 וַיֹּאמֶר מַדּוּעַ קוֹל־הַקִּרְיָה הוֹמָה׃ עוֹדֶנּוּ מְדַבֵּר וְהִנֵּה יוֹנָתָן
בֶּן־אֶבְיָתָר הַכֹּהֵן בָּא וַיֹּאמֶר אֲדֹנִיָּהוּ בֹּא כִּי אִישׁ חַיִל
43 אַתָּה וְטוֹב תְּבַשֵּׂר׃ וַיַּעַן יוֹנָתָן וַיֹּאמֶר לַאֲדֹנִיָּהוּ אֲבָל
44 אֲדֹנֵינוּ הַמֶּלֶךְ־דָּוִד הִמְלִיךְ אֶת־שְׁלֹמֹה׃ וַיִּשְׁלַח אִתּוֹ

פון אַלֶע צָרות: 30 וָוארין אַזוֹי וויא איך האָבּ צוּ דיר גֶעשְׁוואוירֶען, בּייא דֶעם האַר דֶעם גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל אַזוֹי צוּ זָאגֶען, אַז דיין זוּהְן שְׁלֹמֹה וֶועט קֶענִיגֶען נָאך מִיר, אוּנְד עֶר וֶועט זִיצֶען אוֹיף מֵיין שְׁטוּהְל אַנְשְׁטָאט מִיר; אַזוֹי וֶועל איך עֶס דֶעם דָאזִיגֶען טָאג טְהוּן: 31 אוּנְד בַּת־שֶׁבַע הָאט זִיך גֶענֵייגְט מִיט דֶעם פָּנִים צוּ דֶער עֶרְד, אוּנְד זִיא הָאט זִיך גֶעבִּיקְט צוּ דֶעם קֶענִיג, אוּנְד זִיא הָאט גֶעזָאגְט, לָאז מֵיין הַאר דֶער קֶענִיג דָוִד לֶעבֶּען אוֹיף אֵייבִּיג: 32 אַזוֹי הָאט דֶער מֶלֶך דָוִד גֶעזָאגְט, רוּפְט מִיר צָדוֹק הַכֹּהֵן אוּנְד נָתָן הַנָּבִיא אוּנְד בְּנָיָהוּ זוּהְן פוּן יְהוֹיָדָע, אוּנְד זֵייא זֶענֶען גֶעקוּמֶען פָאר דֶעם מֶלֶך: 33 אוּנְד דֶער מֶלֶך הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט; נֶעמְט מִיט אֵייך אֵייעֶר הַאר'ס קְנֶעכְט, אוּנְד אִיהְר זָאלְט מַאכֶען מֵיין זוּהְן שְׁלֹמֹה רֵייטֶען אוֹיף דֶעם מוֹיל־אֵייזֶעל וָואס גֶעהֶערְט צוּ מִיר, אוּנְד אִיהְר זָאלְט אִיהְם אַרוּפְפִיהְרֶען צוּ דֶעם (טֵייך) גִיחוֹן: 34 אוּנְד צָדוֹק הַכֹּהֵן אוּנְד נָתָן הַנָּבִיא זָאלֶען אִיהְם דָארְט זַאלְבֶּען פַאר אַ מֶלֶך אִיבֶּער יִשְׂרָאֵל, אוּנְד אִיהְר זָאלְט בְּלָאזֶען מִיט דֶעם שׁוֹפָר, אוּנְד אִיהְר זָאלְט זָאגֶען; "דֶער מֶלֶך שְׁלֹמֹה זָאל לֶעבֶּען": 35 אוּנְד אִיהְר זָאלְט אַרוֹיפְגֵיין נָאך אִיהְם, אוּנְד עֶר זָאל קוּמֶען, אוּנְד עֶר זָאל זִיצֶען אוֹיף מֵיין שְׁטוּהְל, אוּנְד עֶר וֶועט קֶענִיגֶען אַנְשְׁטָאט מִיר, אוּנְד אִיהְם הָאבּ אִיך גֶעבָּאטֶען צוּ זֵיין אַ פִירְשְׁט אִיבֶּער יִשְׂרָאֵל אוּנְד יְהוּדָה: 36 אוּנְד בְּנָיָהוּ זוּהְן פוּן יְהוֹיָדָע הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט דֶעם מֶלֶך אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, אָמֵן, אַזוֹי זָאל גָאט זָאגֶען, דֶער גָאט פוּן מֵיין הַאר דֶעם קֶענִיג: 37 וויא דֶער הַאר גָאט אִיז גֶעוֶועזֶען מִיט דֶעם הַאר דֶעם קֶענִיג, אַזוֹי זָאל עֶר זֵיין מִיט שְׁלֹמֹה אוּנְד עֶר וֶועט גְרֶעסֶער מַאכֶען זֵיין שְׁטוּהְל אַלְס מֵיין הַאר דֶעם קֶענִיג דָוִד'ס שְׁטוּהְל: 38 אוּנְד צָדוֹק הַכֹּהֵן הָאט אַרוּפְגֶענִידֶערְט, אוּנְד אוֹיך נָתָן הַנָּבִיא אוּנְד בְּנָיָהוּ בֶּן יְהוֹיָדָע, אוּנְד דֶער כְּרֵתִי אוּנְד דֶער פְּלֵתִי, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען שְׁלֹמֹה'ן גֶעמַאכְט רֵייטֶען אוֹיף דֶעם קֶענִיג דָוִד'ס מוֹיל־אֵייזֶעל, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אִיהְם גֶעפִיהְרְט צוּ דֶעם (טֵייך) גִחוֹן: 39 אוּנְד צָדוֹק הַכֹּהֵן הָאט גֶענוּמֶען דָאס אֵייל־הָארְן פוּן דֶעם גֶעצֶעלְט, אוּנְד עֶר הָאט שְׁלֹמֹה'ן גֶעזַאלְבְּט, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעבְּלָאזֶען מִיט דֶעם שׁוֹפָר, אוּנְד דָאס גַאנְצֶע פָאלְק הָאבֶּען גֶעזָאגְט; "דֶער קֶענִיג שְׁלֹמֹה זָאל לֶעבֶּען": 40 אוּנְד דָאס גַאנְצֶע פָאלְק זֶענֶען אוֹיפְגֶע־גַאנְגֶען נָאך אִיהְם, אוּנְד דָאס פָאלְק הָאבֶּען גֶעפֵייפְט מִיט פְלֵייטֶען, אוּנְד הָאבֶּען זִיך גֶעפְרֵייט מִיט אַ גְרוֹיסֶע פְרֵייד, דָאס דִיא עֶרְד הָאט זִיך צוּשְׁפָּאלְטֶען פוּן זֵייעֶר גֶעשְׁרֵייא: 41 אוּנְד אֲדֹנִיָּהוּ הָאט עֶס דֶערְהֶערְט, אוּנְד אוֹיך אַלֶע אֵיינְגֶעלַאדֶענֶע וָואס זֶענֶען מִיט אִיהְם גֶעוֶועזֶען, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען (דַאן) גֶעעֶנְדִיגְט צוּ עֶסֶען, אוּנְד יוֹאָב הָאט דֶערְהֶערְט דָאס קוֹל פוּן שׁוֹפָר, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט; וַוארוּם רוֹישְׁט דָאס גֶעשְׁרֵייא אִין דִיא שְׁטָאט? 42 וויא עֶר הָאט נָאך גֶערֶעט, זֶעה, אִיז יוֹנָתָן בֶּן אֶבְיָתָר דֶער כֹּהֵן גֶעקוּמֶען, אַזוֹי הָאט אֲדֹנִיָּהוּ גֶעזָאגְט; קוּם אַרֵיין וָוארִין דוּא בִּיזְט אַ חַיִל'ס מַאן אוּנְד דוּא וֶועסְט גוּטֶעס מְבַשֵּׂר זֵיין: 43 אַזוֹי הָאט יְהוֹנָתָן גֶעעֶנְטְפֶערְט, אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט צוּ אֲדֹנִיָּהוּ, אָבֶּער אוּנְזֶער הַאר דֶער קֶענִיג דָוִד הָאט שְׁלֹמֹה גֶעמַאכְט קֶענִיגֶען: 44 אוּנְד דֶער קֶענִיג הָאט מִיט אִיהְם גֶעשִׁיקְט

הַמֶּלֶךְ אֶת־צָדוֹק הַכֹּהֵן וְאֶת־נָתָן הַנָּבִיא וּבְנָיָהוּ בֶּן
יְהוֹיָדָע וְהַכְּרֵתִי וְהַפְּלֵתִי וַיַּרְכִּבוּ אֹתוֹ עַל פִּרְדַּת הַמֶּלֶךְ׃
מה וַיִּמְשְׁחוּ אֹתוֹ צָדוֹק הַכֹּהֵן וְנָתָן הַנָּבִיא לְמֶלֶךְ בְּגִחוֹן
וַיַּעֲלוּ מִשָּׁם שְׂמֵחִים וַתֵּהֹם הַקִּרְיָה הוּא הַקּוֹל אֲשֶׁר
46 47 שְׁמַעְתֶּם׃ וְגַם יָשַׁב שְׁלֹמֹה עַל כִּסֵּא הַמְּלוּכָה׃ וְגַם־בָּאוּ
עַבְדֵי הַמֶּלֶךְ לְבָרֵךְ אֶת־אֲדֹנֵינוּ הַמֶּלֶךְ דָּוִד לֵאמֹר יֵיטֵב
אֱלֹהֶיךָ אֶת־שֵׁם שְׁלֹמֹה מִשְּׁמֶךָ וִיגַדֵּל אֶת־כִּסְאוֹ מִכִּסְאֶךָ
48 וַיִּשְׁתַּחוּ הַמֶּלֶךְ עַל־הַמִּשְׁכָּב׃ וְגַם־כָּכָה אָמַר הַמֶּלֶךְ בָּרוּךְ
יְהוָה אֱלֹהֵי יִשְׂרָאֵל אֲשֶׁר נָתַן הַיּוֹם יֹשֵׁב עַל־כִּסְאִי וְעֵינַי
49 רֹאוֹת׃ וַיֶּחֶרְדוּ וַיָּקֻמוּ כָּל־הַקְּרֻאִים אֲשֶׁר לַאֲדֹנִיָּהוּ וַיֵּלְכוּ
נ אִישׁ לְדַרְכּוֹ׃ וַאֲדֹנִיָּהוּ יָרֵא מִפְּנֵי שְׁלֹמֹה וַיָּקָם וַיֵּלֶךְ וַיַּחֲזֵק
51 בְּקַרְנוֹת הַמִּזְבֵּחַ׃ וַיֻּגַּד לִשְׁלֹמֹה לֵאמֹר הִנֵּה אֲדֹנִיָּהוּ יָרֵא
אֶת־הַמֶּלֶךְ שְׁלֹמֹה וְהִנֵּה אָחַז בְּקַרְנוֹת הַמִּזְבֵּחַ לֵאמֹר
יִשָּׁבַע־לִי כַיּוֹם הַמֶּלֶךְ שְׁלֹמֹה אִם־יָמִית אֶת־עַבְדּוֹ בֶּחָרֶב׃
52 וַיֹּאמֶר שְׁלֹמֹה אִם יִהְיֶה לְבֶן־חַיִל לֹא־יִפֹּל מִשַּׂעֲרָתוֹ אָרְצָה
53 וְאִם־רָעָה תִמָּצֵא־בוֹ וָמֵת׃ וַיִּשְׁלַח הַמֶּלֶךְ שְׁלֹמֹה וַיֹּרִדֻהוּ
מֵעַל הַמִּזְבֵּחַ וַיָּבֹא וַיִּשְׁתַּחוּ לַמֶּלֶךְ שְׁלֹמֹה וַיֹּאמֶר־לוֹ
שְׁלֹמֹה לֵךְ לְבֵיתֶךָ׃

ב ב

א וַיִּקְרְבוּ יְמֵי־דָוִד לָמוּת וַיְצַו אֶת־שְׁלֹמֹה בְנוֹ לֵאמֹר׃
2 3 אָנֹכִי הֹלֵךְ בְּדֶרֶךְ כָּל־הָאָרֶץ וְחָזַקְתָּ וְהָיִיתָ לְאִישׁ׃ וְשָׁמַרְתָּ
אֶת־מִשְׁמֶרֶת יְהוָה אֱלֹהֶיךָ לָלֶכֶת בִּדְרָכָיו לִשְׁמֹר חֻקֹּתָיו
מִצְוֹתָיו וּמִשְׁפָּטָיו וְעֵדְוֹתָיו כַּכָּתוּב בְּתוֹרַת מֹשֶׁה לְמַעַן
תַּשְׂכִּיל אֵת כָּל־אֲשֶׁר תַּעֲשֶׂה וְאֵת כָּל־אֲשֶׁר תִּפְנֶה שָׁם׃
4 לְמַעַן יָקִים יְהוָה אֶת־דְּבָרוֹ אֲשֶׁר דִּבֶּר עָלַי לֵאמֹר אִם־
יִשְׁמְרוּ בָנֶיךָ אֶת־דַּרְכָּם לָלֶכֶת לְפָנַי בֶּאֱמֶת בְּכָל־לְבָבָם
וּבְכָל־נַפְשָׁם לֵאמֹר לֹא־יִכָּרֵת לְךָ אִישׁ מֵעַל כִּסֵּא יִשְׂרָאֵל׃

צָדוֹק דֶעם כֹּהֵן, אוּנְד נָתָן דֶעם נָבִיא, אוּנְד בְּנָיָהוּ בֶּן יְהוֹיָדָע אוּנְד דִיא כְּרֵתִי אוּנְד דִיא פְּלֵתִי, אוּנְד זַייא הָאבֶּען אִיהְם גֶעמַאכְט רַייטֶען אוֹיף דֶעם קֶענִיג'ס מוֹיל־אֵייזֶעל: 45 אוּנְד צָדוֹק הַכֹּהֵן, אוּנְד נָתָן הַנָּבִיא הָאבֶּען אִיהְם גֶעזַאלְבְּט פַאר אַ קֶענִיג, בַּייא גִחוֹן, אוּנְד זֵייא זֶענֶען פוּן דָארְטֶען אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען פְרֵיילִיךְ, אוּנְד דִיא שְׁטָאט הָאט גֶעטוּמֶעלְט. דָאס אִיז דָאס גֶעשְׁרֵייא וָואס אִיהְר הָאט גֶעהֶערְט: 46 אוּנְד שְׁלֹמֹה זִיצְט אוֹיךְ שׁוֹין אוֹיף דֶעם שְׁטוּהְל פוּן דֶעם קֶענִיג־רֵייךְ: 47 אוּנְד דִיא קְנֶעכְט פוּן דֶעם קֶענִיג זֶענֶען גֶעקוּמֶען צוּ בֶּענְשֶׁען אוּנְזֶער הַאר דֶעם קֶענִיג דָוִד אַזוֹי צוּ זָאגֶען, גָאט זָאל בֶּעסֶער מַאכֶען שְׁלֹמֹה'ס נָאמֶען אַלְס דֵיין נָאמֶען, אוּנְד זָאל גְרֶעסֶער מַאכֶען זֵיין שְׁטוּהְל אַלְס דֵיין שְׁטוּהְל, אוּנְד דֶער קֶענִיג הָאט זִיךְ גֶעבִּיקְט אוֹיף דֶעם גֶעלֶעגֶער: 48 אוּנְד אַזוֹי הָאט אוֹיךְ דֶער קֶענִיג גֶעזָאגְט, גֶעלוֹיבְּט אִיז דֶער הַאר דֶער גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל וָואס הָאט הֵיינְט גֶעגֶעבֶּען אַ זִיצֶער אוֹיף מֵיין שְׁטוּהְל, אוּנְד מֵיינֶע אוֹיגֶען זֶעהֶען (דָאס): 49 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זִיךְ דֶערשְׁרָאקֶען, אוּנְד אַלֶע דִיא גֶעלַאדֶענֶע פוּן אַדֹנִיָּהוּ זֶענֶען אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען, אוּנְד זֶענֶען גֶעגַאנְגֶען אִיטְלִיכֶער צוּ זַיין וֶועג: 50 אוּנְד אַדֹנִיָּהוּ הָאט מוֹרָא גֶעהַאט פַאר שְׁלֹמֹה, אוּנְד עֶר אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען, אוּנְד עֶר אִיז גֶעגַאנְגֶען, אוּנְד הָאט אָנְגֶענוּמֶען אָן דִיא הֶערְנֶער פוּן דֶעם מִזְבֵּחַ: 51 אוּנְד עֶס אִיז אָנְגֶעזָאגְט גֶעוָוארֶען צוּ שְׁלֹמֹה, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, דָאס אֲדֹנִיָּהוּ הָאט מוֹרָא פַאר דֶעם קֶענִיג שְׁלֹמֹה, אוּנְד זֶעה, עֶר הָאט אָנְגֶענוּמֶען אָן דִיא הֶערְנֶער פוּן דֶעם מִזְבֵּחַ אַזוֹי צוּ זָאגֶען, דֶער קֶענִיג שְׁלֹמֹה זָאל מִיר הֵיינְט שְׁוֶוערֶען אוֹיבּ עֶר וֶועט טֵייטֶען זֵיין קְנֶעכְט מִיט דֶעם שְׁוֶוערְד: 52 אוּנְד שְׁלֹמֹה הָאט גֶעזָאגְט אוֹיבּ עֶר וֶועט זֵיין אַ הֶעלְד וֶועט נִיט פַאלֶען פוּן זֵיינֶע הָאר צוּ דֶער עֶרְד, אוּנְד אוֹיבּ עֶס וֶועט אִין אִיהְם שְׁלֶעכְטֶעס גֶעפוּנֶען וֶוערֶען זָאל עֶר שְׁטַארְבֶּען: 53 אוּנְד דֶער קֶענִיג שְׁלֹמֹה הָאט גֶעשִׁיקְט, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אִיהְם אַרוּפְגֶענוּמֶען פוּן מִזְבֵּחַ, אוּנְד עֶר אִיז גֶעקוּמֶען, אוּנְד הָאט זִיךְ גֶעבִּיקְט צוּ דֶעם קֶענִיג שְׁלֹמֹה, אוּנְד שְׁלֹמֹה הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, גֵייא צוּ דֵיין הוֹיז:

## קאפיטעל ב

1 אוּנְד (אַלְס) דָוִד'ס טֶעג זֶענֶען נָאהֶנְט גֶעקוּמֶען צוּ שְׁטַארְבֶּען, אַזוֹי הָאט עֶר גֶעבָּאטֶען צוּ זֵיין זוּהְן שְׁלֹמֹה אַזוֹי צוּ זָאגֶען: 2 אִיךְ גֶעה אִין דֶעם וֶועג פוּן אַלֶע פוּן דֶער עֶרְד, אוּנְד דוּא זָאלְסְט דִיךְ שְׁטַארְקֶען, אוּנְד דוּא זָאלְסְט זַיין אַ מֶענְשׁ: 3 אוּנְד דוּא זָאלְסְט הִיטֶען דִיא הִיטוּנְג פוּן דֶעם הַאר דֵיין גָאט, צוּ גֶעהְן אִין זֵיינֶע וֶועגֶען, צוּ הִיטֶען זֵיינֶע גֶעזֶעץ, זֵיינֶע מִצְוֹת, אוּנְד זֵיינֶע מִשְׁפָּטִים, אוּנְד זֵיינֶע צֵייגְנִיסֶע, וִויא עֶס אִיז גֶעשְׁרִיבֶּען אִין תּוֹרַת־מֹשֶׁה, אַז דוּא זָאלְסְט בֶּעגְלִיקֶען אִין אַלֶעם וָואס דוּא וֶועסְט טְהוּן, אוּנְד אִין אַלֶעם וְואוּ דוּא וֶועסְט דִיךְ דָארְטֶען וֶוענְדֶען: 4 כְּדֵי דֶער הַאר זָאל דֶערְפִילֶען זֵיינֶע רֵייד וָואס עֶר הָאט גֶערֶעט אוֹיף מִיר אַזוֹי צוּ זָאגֶען, וֶוען דֵיינֶע זִיהְן וֶועלֶען הִיטֶען זֵייעֶר וֶועג, צוּ גֵיין פָאר מִיר מִיט אֶמֶת, מִיט זֵייעֶרֶע גַאנְצֶע הֶערְצֶער, אוּנְד מִיט זֵייעֶרֶע גַאנְצֶע זֶעלֶע, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, עֶס וֶועט דִיר נִיט פֶערשְׁנִיטֶען וֶוערֶען אַ מַאן פוּן יִשְׂרָאֵל'ס טְרוֹן־שְׁטוּהְל:

ה וגם אתה ידעת את אשר־עשה לי יואב בן־צרויה אשר
עשה לשני־שרי צבאות ישראל לאבנר בן־נר ולעמשא
בן־יתר ויהרגם וישם דמי־מלחמה בשלם ויתן דמי
מלחמה בחגרתו אשר במתניו ובנעלו אשר ברגליו:
6 ועשית כחכמתך ולא־תורד שיבתו בשלם שאל:
7 ולבני ברזלי הגלעדי תעשה־חסד והיו באכלי שלחנך
8 כי־כן קרבו אלי בברחי מפני אבשלום אחיך: והנה
עמך שמעי בן־גרא בן־הימיני מבחרים והוא קללני
קללה נמרצת ביום לכתי מחנים והוא־ירד לקראתי
הירדן ואשבע לו ביהוה לאמר אם־אמיתך בחרב:
9 ועתה אל־תנקהו כי איש חכם אתה וידעת את אשר
10 תעשה־לו והורדת את־שיבתו בדם שאול: וישכב דוד
11 עם־אבתיו ויקבר בעיר דוד: והימים אשר מלך דוד
על־ישראל ארבעים שנה בחברון מלך שבע שנים
12 ובירושלם מלך שלשים ושלש שנים: ושלמה ישב
13 על־כסא דוד אביו ותכן מלכתו מאד: ויבא
אדניהו בן־חגית אל־בת־שבע אם־שלמה ותאמר
14 השלום באך ויאמר שלום: ויאמר דבר לי אליך ותאמר
15 דבר: ויאמר את ידעת כי־לי היתה המלוכה ועלי
שמו כל־ישראל פניהם למלך ותסב המלוכה ותהי
16 לאחי כי מיהוה היתה לו: ועתה שאלה אחת אנכי
17 שאל מאתך אל־תשבי את־פני ותאמר אליו דבר: ויאמר
אמרי־נא לשלמה המלך כי לא־ישיב את־פניך ויתן־לי
18 את־אבישג השונמית לאשה: ותאמר בת־שבע טוב
19 אנכי אדבר עליך אל־המלך: ותבא בת־שבע אל־המלך
שלמה לדבר־לו על־אדניהו ויקם המלך לקראתה
וישתחו לה וישב על־כסאו וישם כסא לאם המלך

5 אונד דוא ווייסט אויך דאס וואס יואב זוהן פון צרויה האט מיר געטהון, אונד וואס ער האט געטהון צו דיא צוויא הויפטלייט פון ישראל, צו אבנר בן נר, אונד צו עמשה בן יתר, אונד ער האט זייא געהרגעט, אונד ער האט פארגאסען קריגס־בלוט אין פרידען, אונד ער האט געגעבען קריגס־בלוט אויף זיין גארטעל וואס אין אויף זיינע לענדען אונד אן זיינע שוך וואס זענען געוועזען אויף זיינע פיס: 6 אונד דוא זאלסט טהון נאך דיינע קלוגהייט, אונד דוא זאלסט ניט לאזען ארונטערנידערן זיינע גרויע האר מיט פרידען אין דיא גרוב: 7 אונד צו דיא קינדער פון ברזלי הגלעדי זאלסט דוא טהון חסד, אונד זייא זאלען זיין צווישען דיא וואס עסען אן דיין טיש, ווייל זייא האבען זיך מקריב געוועזען צו מיר ווען איך בין אנטלאפען פאר דיין ברודער אבשלום: 8 אונד זעה, מיט דיר איז שמעי בן גרא פון שבט בנימן אוים בחורים, אונד ער האט מיך געשאלטען מיט א שטארקע קללה אין דעם טאג וואס איך בין געגאנגען קיין מחנים, אונד (אלס) ער איז ארונטערגעגאנגען ענטקעגען מיר צו דעם ירדן, האב איך געשוואוירען בייא גאט אזוי צו זאגען, אויב איך וועל דיך טייטען מיט דעם שווערד: 9 אונד אצונד זאלסט דוא איהם ניט אומגעשטראפט לאזען, וואריין דוא ביזט א קלוגער מאן, אונד דוא זאלסט וויסען וואס דוא זאלסט איהם טהון, אונד דוא זאלסט לאזען ארונטערנידערן זיינע גרויע האר מיט בלוט אין דיא גרוב: 10 אונד דוד האט זיך געלייגט (געשטארבען) מיט זיינע עלטערן, אונד ער איז בעגראבען געווארען אין דוד׳ס שטאט: 11 אונד דיא טעג וואס דוד האט רעגיערט איבער ישראל (איז געוועזען) פירציג יאהר; אין חברון האט ער רעגיערט זיבען יאהר, אונד אין ירושלים האט ער רעגיערט דרייא אונד דרייסיג יאהר: 12 אונד שלמה איז געזעסען אויף זיין פאטער דוד׳ס שטוהל, אונד זיין קעניגרייך איז זעהר פעסט געגרינדעט געווארען: 13 אונד אדניהו בן חגית איז געקומען צו בת־שבע דיא מוטער פון שלמה, אונד זיא האט געזאגט, איז דיין קומען אין פרידען? אונד ער האט געזאגט אין פרידען: 14 אונד ער האט געזאגט, איך האב מיט דיר עפעס צו רעדען, אונד זיא האט געזאגט רעד: 15 אונד ער האט געזאגט, דוא ווייסט אז דאס קעניגרייך איז געוועזען מיין, אונד אויף מיר האט גאנץ ישראל געטהון זייער פנים אז איך זאל איבער זייא רעגירען, אונד דאס קעניגרייך האט זיך אפגעווענדעט אונד איז געווארען צו מיין ברודער, ווייל עס איז צו איהם פון גאט געווארען: 16 אונד אצונד בעט איך פון דיר א קליינע ביטע, דוא זאלסט מיר ניט אפזאגען, אונד זיא האט געזאגט, רעד: 17 אונד ער האט געזאגט, זאג נאר צו דעם קעניג שלמה, ווארין ער וועט דיר ניט אפזאגען, דאס ער זאל מיר געבען דיא אבישג השונמית פאר א ווייב: 18 אונד בת־שבע האט געזאגט, גוט, איך וועל רעדען וועגען דיר מיט דעם קעניג: 19 אונד בת־שבע איז געקומען צו דעם קעניג שלמה צו רעדען מיט איהם וועגען אדניהו, אונד דער קעניג איז אויפגעשטאנען איהר ענטקעגען, אונד האט זיך צו איהר געבוקט, אונד ער האט זיך געזעצט אויף זיין שטוהל, אונד האט געשטעלט א שטוהל פאר דיא מוטער פון קעניג,

אונד

כ וַתֵּשֶׁב לִימִינוֹ׃ וַתֹּאמֶר שְׁאֵלָה אַחַת קְטַנָּה אָנֹכִי שֹׁאֶלֶת
מֵאִתָּךְ אַל־תָּשֶׁב אֶת־פָּנָי וַיֹּאמֶר־לָהּ הַמֶּלֶךְ שַׁאֲלִי אִמִּי
21 כִּי לֹא־אָשִׁיב אֶת־פָּנָיִךְ׃ וַתֹּאמֶר יֻתַּן אֶת־אֲבִישַׁג הַשֻּׁנַמִּית
22 לַאֲדֹנִיָּהוּ אָחִיךָ לְאִשָּׁה׃ וַיַּעַן הַמֶּלֶךְ שְׁלֹמֹה וַיֹּאמֶר לְאִמּוֹ
וְלָמָה אַתְּ שֹׁאֶלֶת אֶת־אֲבִישַׁג הַשֻּׁנַמִּית לַאֲדֹנִיָּהוּ וְשַׁאֲלִי־
לוֹ אֶת־הַמְּלוּכָה כִּי הוּא אָחִי הַגָּדוֹל מִמֶּנִּי וְלוֹ וּלְאֶבְיָתָר
23 הַכֹּהֵן וּלְיוֹאָב בֶּן־צְרוּיָה׃ וַיִּשָּׁבַע הַמֶּלֶךְ שְׁלֹמֹה
בַּיהוָה לֵאמֹר כֹּה יַעֲשֶׂה־לִּי אֱלֹהִים וְכֹה יוֹסִיף כִּי
24 בְנַפְשׁוֹ דִּבֶּר אֲדֹנִיָּהוּ אֶת־הַדָּבָר הַזֶּה׃ וְעַתָּה חַי־יְהוָה
אֲשֶׁר הֱכִינַנִי וַיּוֹשִׁיבַנִי עַל־כִּסֵּא דָּוִד אָבִי וַאֲשֶׁר עָשָׂה־
כה לִי בַּיִת כַּאֲשֶׁר דִּבֵּר כִּי הַיּוֹם יוּמַת אֲדֹנִיָּהוּ׃ וַיִּשְׁלַח
הַמֶּלֶךְ שְׁלֹמֹה בְּיַד בְּנָיָהוּ בֶן־יְהוֹיָדָע וַיִּפְגַּע־בּוֹ וַיָּמֹת׃
26 וּלְאֶבְיָתָר הַכֹּהֵן אָמַר הַמֶּלֶךְ עֲנָתֹת לֵךְ עַל־שָׂדֶיךָ
כִּי אִישׁ מָוֶת אָתָּה וּבַיּוֹם הַזֶּה לֹא אֲמִיתֶךָ כִּי־נָשָׂאתָ
אֶת־אֲרוֹן אֲדֹנָי יְהוִה לִפְנֵי דָּוִד אָבִי וְכִי הִתְעַנִּיתָ בְּכֹל
27 אֲשֶׁר־הִתְעַנָּה אָבִי׃ וַיְגָרֶשׁ שְׁלֹמֹה אֶת־אֶבְיָתָר מִהְיוֹת
כֹּהֵן לַיהוָה לְמַלֵּא אֶת־דְּבַר יְהוָה אֲשֶׁר דִּבֶּר עַל־בֵּית
28 עֵלִי בְּשִׁלֹה׃ וְהַשְּׁמֻעָה בָּאָה עַד־יוֹאָב כִּי יוֹאָב
נָטָה אַחֲרֵי אֲדֹנִיָּה וְאַחֲרֵי אַבְשָׁלוֹם לֹא נָטָה וַיָּנָס יוֹאָב
29 אֶל־אֹהֶל יְהוָה וַיַּחֲזֵק בְּקַרְנוֹת הַמִּזְבֵּחַ׃ וַיֻּגַּד לַמֶּלֶךְ
שְׁלֹמֹה כִּי נָס יוֹאָב אֶל־אֹהֶל יְהוָה וְהִנֵּה אֵצֶל הַמִּזְבֵּחַ
וַיִּשְׁלַח שְׁלֹמֹה אֶת־בְּנָיָהוּ בֶן־יְהוֹיָדָע לֵאמֹר לֵךְ פְּגַע־בּוֹ׃
ל וַיָּבֹא בְנָיָהוּ אֶל־אֹהֶל יְהוָה וַיֹּאמֶר אֵלָיו כֹּה־אָמַר הַמֶּלֶךְ
צֵא וַיֹּאמֶר ׀ לֹא כִּי פֹה אָמוּת וַיָּשֶׁב בְּנָיָהוּ אֶת־הַמֶּלֶךְ
31 דָּבָר לֵאמֹר כֹּה־דִבֶּר יוֹאָב וְכֹה עָנָנִי׃ וַיֹּאמֶר לוֹ הַמֶּלֶךְ
עֲשֵׂה כַּאֲשֶׁר דִּבֶּר וּפְגַע־בּוֹ וּקְבַרְתּוֹ וַהֲסִירֹתָ ׀ דְּמֵי חִנָּם
32 אֲשֶׁר שָׁפַךְ יוֹאָב מֵעָלַי וּמֵעַל בֵּית אָבִי׃ וְהֵשִׁיב יְהוָה

אוּנְד זִיא הָאט זִיךְ גֶעזֶעצְט צוּ זֵיינֶע רֶעכְטֶע הַאנְד: 20 אוּנְד זִיא הָאט גֶעזָאגְט, אַ קְלֵיינֶע בִּיטֶע בֶּעט אִיךְ פוּן דִיר, דוּא זָאלְסְט מִיר נִיט אָפְּזָאגֶען, אוּנְד דֶער קֶענִיג הָאט צוּ אִיהְר גֶעזָאגְט, רֶעד מֵיינֶע מוּטֶער, וָוארִין אִיךְ וֶועל דִיר נִיט אָפְּזָאגֶען: 21 אוּנְד זִיא הָאט גֶעזָאגְט, לָאז אֲבִישַׁג הַשּׁוּנַמִּית גֶעגֶעבֶּען וֶוערֶען צוּ דֵיין בְּרוּדֶער אֲדֹנִיָּהוּ פַאר אַ וַוייבּ: 22 אוּנְד דֶער קֶענִיג שְׁלֹמֹה הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט צוּ זֵיינֶע מוּטֶער, אוּנְד וָוארוּם בֶּעטֶעסְט דוּא (נוּר) דִיא אֲבִישַׁג הַשּׁוּנַמִּית פַאר אֲדֹנִיָּהוּ? אוּנְד בֶּעט פוּן זֵיינֶעטְוֶועגֶען אוֹיךְ דָאס קֶענִיגְרֵייךְ, וֵוייל עֶר אִיז דָאךְ מֵיין עֶלְטֶערֶער בְּרוּדֶער, אוּנְד עֶר הָאט אוֹיךְ אֶבְיָתָר דֶעם כֹּהֵן אוּנְד יוֹאָב בֶּן צְרוּיָה: 23 אוּנְד דֶער קֶענִיג שְׁלֹמֹה הָאט גֶעשְׁוָואוֹירֶען בֵּייא דֶעם הַאר אַזוֹי צוּ זָאגֶען, אַזוֹי זָאל מִיר גָאט טְהוּן, אוּנְד אַזוֹי פִיעל מֶעהְר, אוֹיבּ בֵּייא זֵיין לֶעבֶּען, הָאט אֲדֹנִיָּהוּ גֶערֶעט דִיא דָאזִיגֶע זַאךְ: 24 אוּנְד אַצוּנְד, אַזוֹי וָואהְר וִויא דֶער הַאר לֶעבְּט וָואס הָאט מִיךְ בֶּעפֶעסְטִיגְט, אוּנְד הָאט מִיךְ גֶעזֶעצְט אוֹיף דֶעם שְׁטוּהְל פוּן מֵיין פָאטֶער דָוִד, אוּנְד וָואס עֶר הָאט מִיר גֶעמַאכְט אַ הוֹיז וִויא עֶר הָאט גֶערֶעט, דָאס הֵיינְט זָאל אֲדֹנִיָּהוּ גֶעטֵייט וֶוערֶען: 25 אוּנְד דֶער קֶענִיג שְׁלֹמֹה הָאט גֶעשִׁיקְט דוּרְךְ בְּנָיָהוּ בֶּן יְהוֹיָדָע, אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם גֶעשְׁלָאגֶען, אוּנְד עֶר אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען: 26 אוּנְד צוּ אֶבְיָתָר דֶעם כֹּהֵן הָאט דֶער קֶענִיג גֶעזָאגְט, גֵייא קֵיין עֲנָתוֹת אוֹיף דֵיין פֶעלְד, וֵוייל דוּא בִּיזְט אַ מַאן וָואס אִיז חַיָּב מִיתָה, אָבֶּער אִין דֶעם דָאזִיגֶען טָאג וֶועל אִיךְ דִיךְ נִיט טֵייטֶען, וֵוייל דוּא הָאסְט גֶעטְרָאגֶען דֶעם אָרוֹן פוּן דֶעם הַאר גָאט פָאר מֵיין פָאטֶער דָוִד, אוּנְד וֵוייל דוּא הָאסְט דִיךְ גֶע־פֵּיינִיגְט אִיבֶּעראַל וְואוּ מֵיין פָאטֶער הָאט זִיךְ גֶעפֵּיינִיגְט: 27 אוּנְד שְׁלֹמֹה הָאט פֶערְטְרִיבֶּען אֶבְיָתָר פוּן צוּ זֵיין אַ כֹּהֵן צוּ דֶעם הַאר, צוּ בֶּעשְׁטֶעטִיגֶען דִיא רֵייד פוּן דֶעם הַאר, וָואס עֶר הָאט גֶערֶעט וֶועגֶען דֶעם הוֹיז פוּן עֵלִי, אִין שִׁלוֹה: 28 אוּנְד דִיא נָאכְרִיכְט אִיז גֶעקוּמֶען בִּיז צוּ יוֹאָב, וָוארִין יוֹאָב הָאט זִיךְ גֶענֵייגְט נָאךְ אֲדֹנִיָּהוּ, אָבֶּער נָאךְ אַבְשָׁלוֹם הָאט עֶר זִיךְ נִיט גֶענֵייגְט, אוּנְד יוֹאָב אִיז אַנְטְלָאפֶען צוּ דֶעם גֶעצֶעלְט פוּן דֶעם הַאר, אוּנְד עֶר הָאט אָנְגֶענוּמֶען בֵּייא דִיא הֶערְנֶער פוּן דֶעם מִזְבֵּחַ: 29 אוּנְד עֶס אִיז אָנְגֶעזָאגְט גֶעוָוארֶען צוּ דֶעם קֶענִיג שְׁלֹמֹה דָאס יוֹאָב אִיז אַנְטְלָאפֶען צוּ דֶעם גֶעצֶעלְט פוּן דֶעם הַאר, אוּנְד עֶר אִיז בֵּייא דֶעם מִזְבֵּחַ, אַזוֹי הָאט שְׁלֹמֹה גֶעשִׁיקְט בְּנָיָהוּ בֶּן יְהוֹיָדָע אַזוֹי צוּ זָאגֶען, גֵייא אוּנְד דֶערְשְׁלָאג אִיהְם: 30 אוּנְד בְּנָיָהוּ אִיז גֶעקוּמֶען צוּ דֶעם גֶעצֶעלְט פוּן דֶעם הַאר, אוּנְד עֶר הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, אַזוֹי הָאט דֶער קֶענִיג גֶעזָאגְט, גֵייא אַרוֹיס, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, נֵיין, וָוארִין דָא וִויל אִיךְ שְׁטַארְבֶּען, אוּנְד בְּנָיָהוּ הָאט צוּרִיקגֶעקֶעהְרְט דֶעם קֶענִיג אֵיין אַנְטְוָוארְט אוּנְד גֶעזָאגְט, אַזוֹי הָאט יוֹאָב גֶערֶעט, אוּנְד אַזוֹי הָאט עֶר מִיר גֶעעֶנְטְפֶערְט: 31 אוּנְד דֶער קֶענִיג הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, טְהוּא וִויא עֶר הָאט גֶערֶעט, אוּנְד דֶערְשְׁלָאג אִיהְם אוּנְד בֶּעגְרָאבּ אִיהְם, אוּנְד דוּא זָאלְסְט אַרוּפְנֶעמֶען דָאס אוּמְזִיסְטֶע בְּלוּט וָואס יוֹאָב הָאט פֶערְגָאסֶען, פוּן מִיר אוּנְד פוּן מֵיין פָאטֶער'ס הוֹיז: 32 אוּנְד דֶער הַאר וֶועט צוּרִיקקֶעהְרֶען

זיין

זיין בלוט אויף זיין קאָפּ, וואָרין ער האָט דערשלאָגען צוויא בערעכטע מענשען, אונד בעסערע פון איהם, אונד ער האָט זייא געהרגת מיט דעם שווערד, — אָבער מיין פאָטער דוד האָט דערפון ניט געוואוסט — אבנר בן נר דעם הויפּטמאַן פון ישׂראל, אונד עמשׂא בן יתר, דעם הויפּטמאַן פון יהודה: 33 אונד זייער בלוט זאָל צוריקקומען אויף דעם קאָפּ פון יואָב, אונד אויף דיא קעפּ פון זיינע קינדער אויף אייביג. אונד צו דוד אונד צו זיינע קינדער, אונד צו זיין הויז אונד צו זיין שטוהל וועט זיין שלום אויף אייביג פון דעם האַר: 34 אונד בניהו בן יהוידע איז אַרויפגעגאַנגען אונד ער האָט איהם דערשלאָגען, אונד האָט איהם געטייט, אונד ער איז בעגראָבען געוואָרען בייא זיין הויז אין דער מדבר: 35 אונד דער קעניג האָט אָנגעשטעלט בניהו בן יהוידע אויף זיינע שטעל איבער דעם חיל, אונד צדוק דעם כהן האָט דער קעניג אָנגעשטעלט אויף אביתר׳ס שטעל: 36 אונד דער קעניג האָט געשיקט אונד האָט גערופען שמעי, אונד ער האָט צו איהם געזאָגט, בויע דיר אַ הויז אין ירושלים, אונד דוא זאָלסט דאָרט וואוינען, אונד דוא זאָלסט פון דאָרט ניט אַרויסגיין אַהין אָדער אַהער: 37 אונד עס וועט זיין אין דעם טאָג ווען דוא וועסט אַריבערגיין דעם טייך קדרון, זאָלסט דוא וויסען אַז דוא וועסט שטאַרבען, דיין בלוט וועט זיין אויף דיין קאָפּ: 38 אונד שמעי האָט געזאָגט צו דעם קעניג גוט, וויא מיין האַר דער קעניג האָט גערעדט אַזוי וועט דיין קנעכט טהון, אונד שמעי האָט געוואוינט אין ירושלים אַ לאַנגע צייט: 39 אונד עס איז געוועזען אַם ענדע פון דרייא יאָהר, זענען שמעי׳ס צווייא קנעכט אַנטלאָפען צו אכיש בן מעכה דער קעניג פון גת, אונד מען האָט עס אָנגעזאָגט צו שמעי, זעה, דיינע קנעכט זענען אין גת: 40 אונד שמעי איז אויפגעשטאַנען אונד האָט אָנגעזאָטעלט זיין אייזעל, אונד איז געגאַנגען קיין גת צו אכיש, כדי צו זוכען זיינע קנעכט, אונד שמעי איז געגאַנגען אונד האָט געבראַכט זיינע קנעכט פון גת: 41 אונד עס איז אָנגעזאָגט געוואָרען צו שלמה, אַז שמעי איז אַוועקגעגאַנגען פון ירושלים קיין גת, אונד איז צוריקגעקומען: 42 אונד דער קעניג האָט געשיקט אונד האָט גערופען שמעי, אונד ער האָט צו איהם געזאָגט, האָב איך דיך ניט בעשוואָרען בייא דעם האַר? אונד איך האָב דיך געוואָרענט אַזוי צו זאָגען, אין דעם טאָג וואָס דוא וועסט אַרויסגיין, אונד וועסט גיין אַהין אָדער אַהער, זאָלסט דוא וויסען אַז דוא וועסט שטאַרבען, אונד דוא האָסט צו מיר געזאָגט, דיא זאַך איז גוט, וואָס איך האָב געהערט: 43 אונד וואָרום האָסט דוא ניט געהיטען דיא שבועה פון יהוה, אונד דאָס געבאָט וואָס איך האָב דיר געבאָטען? 44 אונד דער קעניג האָט געזאָגט צו שמעי, דוא ווייסט אַלעס דאָס שלעכטע וואָס דיין האַרץ האָט געוואוסט, וואָס דוא האָסט געטהון צו מיין פאָטער דוד, אונד דער האַר וועט צוריקקעהרען דיין שלעכטעס אויף דיין קאָפּ: 45 אונד דער קעניג שלמה זאָל זיין געבענשט, אונד דוד׳ס שטוהל וועט בעפעסטיגט זיין פאַר יהוה אויף אייביג 46 אונד דער קעניג האָט בעפוילען

אֶת־דָּמוֹ עַל־רֹאשׁוֹ אֲשֶׁר פָּגַע בִּשְׁנֵי־אֲנָשִׁים צַדִּקִים
וְטֹבִים מִמֶּנּוּ וַיַּהַרְגֵם בַּחֶרֶב וְאָבִי דָוִד לֹא יָדָע אֶת־
אַבְנֵר בֶּן־נֵר שַׂר־צְבָא יִשְׂרָאֵל וְאֶת־עֲמָשָׂא בֶן־יֶתֶר שַׂר־
33 צְבָא יְהוּדָה׃ וְשָׁבוּ דְמֵיהֶם בְּרֹאשׁ יוֹאָב וּבְרֹאשׁ זַרְעוֹ
לְעֹלָם וּלְדָוִד וּלְזַרְעוֹ וּלְבֵיתוֹ וּלְכִסְאוֹ יִהְיֶה שָׁלוֹם עַד־
34 עוֹלָם מֵעִם יְהוָה׃ וַיַּעַל בְּנָיָהוּ בֶּן־יְהוֹיָדָע וַיִּפְגַּע־בּוֹ
לה וַיְמִתֵהוּ וַיִּקָּבֵר בְּבֵיתוֹ בַּמִּדְבָּר׃ וַיִּתֵּן הַמֶּלֶךְ אֶת־בְּנָיָהוּ
בֶן־יְהוֹיָדָע תַּחְתָּיו עַל־הַצָּבָא וְאֶת־צָדוֹק הַכֹּהֵן נָתַן הַמֶּלֶךְ
36 תַּחַת אֶבְיָתָר׃ וַיִּשְׁלַח הַמֶּלֶךְ וַיִּקְרָא לְשִׁמְעִי וַיֹּאמֶר
לוֹ בְּנֵה־לְךָ בַיִת בִּירוּשָׁלַםִ וְיָשַׁבְתָּ שָׁם וְלֹא־תֵצֵא מִשָּׁם
37 אָנֶה וָאָנָה׃ וְהָיָה בְּיוֹם צֵאתְךָ וְעָבַרְתָּ אֶת־נַחַל קִדְרוֹן
38 יָדֹעַ תֵּדַע כִּי־מוֹת תָּמוּת דָּמְךָ יִהְיֶה בְרֹאשֶׁךָ׃ וַיֹּאמֶר
שִׁמְעִי לַמֶּלֶךְ טוֹב הַדָּבָר כַּאֲשֶׁר דִּבֶּר אֲדֹנִי הַמֶּלֶךְ כֵּן
יַעֲשֶׂה עַבְדֶּךָ וַיֵּשֶׁב שִׁמְעִי בִּירוּשָׁלַםִ יָמִים רַבִּים׃
39 וַיְהִי מִקֵּץ שָׁלֹשׁ שָׁנִים וַיִּבְרְחוּ שְׁנֵי־עֲבָדִים לְשִׁמְעִי אֶל־
אָכִישׁ בֶּן־מַעֲכָה מֶלֶךְ גַּת וַיַּגִּידוּ לְשִׁמְעִי לֵאמֹר הִנֵּה
מ עֲבָדֶיךָ בְּגַת׃ וַיָּקָם שִׁמְעִי וַיַּחֲבֹשׁ אֶת־חֲמֹרוֹ וַיֵּלֶךְ גַּתָה
אֶל־אָכִישׁ לְבַקֵּשׁ אֶת־עֲבָדָיו וַיֵּלֶךְ שִׁמְעִי וַיָּבֵא אֶת־
41 עֲבָדָיו מִגַּת׃ וַיֻּגַּד לִשְׁלֹמֹה כִּי־הָלַךְ שִׁמְעִי מִירוּשָׁלַםִ
42 גַּת וַיָּשֹׁב׃ וַיִּשְׁלַח הַמֶּלֶךְ וַיִּקְרָא לְשִׁמְעִי וַיֹּאמֶר אֵלָיו הֲלוֹא
הִשְׁבַּעְתִּיךָ בַיהוָה וָאָעִד בְּךָ לֵאמֹר בְּיוֹם צֵאתְךָ וְהָלַכְתָּ
אָנֶה וָאָנָה יָדֹעַ תֵּדַע כִּי־מוֹת תָּמוּת וַתֹּאמֶר אֵלַי טוֹב
43 הַדָּבָר שָׁמָעְתִּי׃ וּמַדּוּעַ לֹא שָׁמַרְתָּ אֵת שְׁבֻעַת יְהוָה וְאֶת־
44 הַמִּצְוָה אֲשֶׁר־צִוִּיתִי עָלֶיךָ׃ וַיֹּאמֶר הַמֶּלֶךְ אֶל־שִׁמְעִי אַתָּה
יָדַעְתָּ אֵת כָּל־הָרָעָה אֲשֶׁר יָדַע לְבָבְךָ אֲשֶׁר עָשִׂיתָ לְדָוִד
מה אָבִי וְהֵשִׁיב יְהוָה אֶת־רָעָתְךָ בְּרֹאשֶׁךָ׃ וְהַמֶּלֶךְ שְׁלֹמֹה
46 בָּרוּךְ וְכִסֵּא דָוִד יִהְיֶה נָכוֹן לִפְנֵי יְהוָה עַד־עוֹלָם׃ וַיְצַו

בניהו

הַמֶּלֶךְ אֶת־בְּנָיָהוּ בֶּן־יְהוֹיָדָע וַיֵּצֵא וַיִּפְגַּע־בּוֹ וַיָּמֹת וְהַמַּמְלָכָה
נָכוֹנָה בְּיַד־שְׁלֹמֹה׃

ג

א וַיִּתְחַתֵּן שְׁלֹמֹה אֶת־פַּרְעֹה מֶלֶךְ מִצְרָיִם וַיִּקַּח אֶת־בַּת־
פַּרְעֹה וַיְבִיאֶהָ אֶל־עִיר דָּוִד עַד כַּלֹּתוֹ לִבְנוֹת אֶת־בֵּיתוֹ
2 וְאֶת־בֵּית יְהוָה וְאֶת־חוֹמַת יְרוּשָׁלַיִם סָבִיב׃ רַק הָעָם
מְזַבְּחִים בַּבָּמוֹת כִּי לֹא־נִבְנָה בַיִת לְשֵׁם יְהוָה עַד הַיָּמִים
3 הָהֵם׃ וַיֶּאֱהַב שְׁלֹמֹה אֶת־יְהוָה לָלֶכֶת בְּחֻקּוֹת דָּוִד
4 אָבִיו רַק בַּבָּמוֹת הוּא מְזַבֵּחַ וּמַקְטִיר׃ וַיֵּלֶךְ הַמֶּלֶךְ
גִּבְעֹנָה לִזְבֹּחַ שָׁם כִּי־הִיא הַבָּמָה הַגְּדוֹלָה אֶלֶף עֹלוֹת
ה יַעֲלֶה שְׁלֹמֹה עַל הַמִּזְבֵּחַ הַהוּא׃ בְּגִבְעוֹן נִרְאָה יְהוָה
אֶל־שְׁלֹמֹה בַּחֲלוֹם הַלָּיְלָה וַיֹּאמֶר אֱלֹהִים שְׁאַל מָה
6 אֶתֶּן־לָךְ׃ וַיֹּאמֶר שְׁלֹמֹה אַתָּה עָשִׂיתָ עִם־עַבְדְּךָ דָוִד אָבִי
חֶסֶד גָּדוֹל כַּאֲשֶׁר הָלַךְ לְפָנֶיךָ בֶּאֱמֶת וּבִצְדָקָה וּבְיִשְׁרַת
לֵבָב עִמָּךְ וַתִּשְׁמָר־לוֹ אֶת־הַחֶסֶד הַגָּדוֹל הַזֶּה וַתִּתֶּן־לוֹ
7 בֵן יֹשֵׁב עַל־כִּסְאוֹ כַּיּוֹם הַזֶּה׃ וְעַתָּה יְהוָה אֱלֹהָי אַתָּה
הִמְלַכְתָּ אֶת־עַבְדְּךָ תַּחַת דָּוִד אָבִי וְאָנֹכִי נַעַר קָטֹן לֹא
ח אֵדַע צֵאת וָבֹא׃ וְעַבְדְּךָ בְּתוֹךְ עַמְּךָ אֲשֶׁר בָּחָרְתָּ עַם־
9 רָב אֲשֶׁר לֹא־יִמָּנֶה וְלֹא יִסָּפֵר מֵרֹב׃ וְנָתַתָּ לְעַבְדְּךָ לֵב
שֹׁמֵעַ לִשְׁפֹּט אֶת־עַמְּךָ לְהָבִין בֵּין־טוֹב לְרָע כִּי מִי יוּכַל
י לִשְׁפֹּט אֶת־עַמְּךָ הַכָּבֵד הַזֶּה׃ וַיִּיטַב הַדָּבָר בְּעֵינֵי אֲדֹנָי
11 כִּי שָׁאַל שְׁלֹמֹה אֶת־הַדָּבָר הַזֶּה׃ וַיֹּאמֶר אֱלֹהִים אֵלָיו
יַעַן אֲשֶׁר שָׁאַלְתָּ אֶת־הַדָּבָר הַזֶּה וְלֹא־שָׁאַלְתָּ לְּךָ יָמִים
רַבִּים וְלֹא־שָׁאַלְתָּ לְּךָ עֹשֶׁר וְלֹא שָׁאַלְתָּ נֶפֶשׁ אֹיְבֶיךָ
12 וְשָׁאַלְתָּ לְּךָ הָבִין לִשְׁמֹעַ מִשְׁפָּט׃ הִנֵּה עָשִׂיתִי כִדְבָרֶיךָ
הִנֵּה ׀ נָתַתִּי לְךָ לֵב חָכָם וְנָבוֹן אֲשֶׁר כָּמוֹךָ לֹא־הָיָה
13 לְפָנֶיךָ וְאַחֲרֶיךָ לֹא־יָקוּם כָּמוֹךָ׃ וְגַם אֲשֶׁר לֹא־שָׁאַלְתָּ

בְּנָיָהוּ בֶּן יְהוֹיָדָע אוּנְד עֶר אִיז אַרוֹיסְ־גֶעגַאנְגֶען אוּנְד הָאט אִיהם דֶערשְׁלָאגֶען, אוּנְד עֶר אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען, אוּנְד דָאס קֶענִיגְרֵייךְ אִיז בֶּעפֶעסְטִיגְט גֶעוָוארֶען אִין דֶער הַאנְד פוּן שְׁלֹמֹה:

## קאפיטעל ג

1 אוּנְד שְׁלֹמֹה הָאט זִיךְ מִתְחַתֵּן גֶעוֶועזֶען מִיט פַּרְעֹה קֶענִיג פוּן מִצְרַיִם, אוּנְד עֶר הָאט גֶענוּמֶען פַּרְעֹה'ס טָאכְטֶער, אוּנְד הָאט זִיא גֶעבְּרַאכְט אִין דָוִד'ס שְׁטָאט אַרַיין בִּיז עֶר הָאט גֶעעֶנְדִיגְט צוּ בּוֹיעֶן זַיין הוֹיז, אוּנְד דָאס הוֹיז פוּן גָאט, אוּנְד דִיא מוֹיעֶרְן אַרוּם יְרוּשָׁלַיִם: 2 נוּר דָאס פָאלְק הָאט נָאךְ גֶעשָׁאכְטֶען אוֹיף דִיא בָּמוֹת (הַייכֶען), וָוארִין עֶס אִיז נָאךְ נִיט גֶעבּוֹיט גֶעוָוארֶען אַ הוֹיז צוּ דֶעם נָאמֶען פוּן גָאט, בִּיז צוּ יֶענֶער צַייט: 3 אוּנְד שְׁלֹמֹה הָאט גֶעלִיבְּט גָאט, צוּ גֶעהְן נָאךְ דִיא גֶעזֶעץ פוּן זַיין פָאטֶער דָוִד, אָבֶּער עֶר הָאט גֶעשָׁאכְטֶען אוֹיף דִיא בָּמוֹת (קָרְבָּנוֹת) אוּנְד עֶר הָאט גֶערֵייכֶערְט: 4 אוּנְד דֶער קֶענִיג אִיז גֶעגַאנְגֶען קַיין גִבְעוֹן, דָארְט צוּ שֶׁעכְטֶען, וָוארִין זִיא אִיז גֶעוֶועזֶען דִיא גְרֶעסְטֶע בָּמָה; טוֹיזֶענְד בְּרַאנְד־אָפְּפֶער הָאט שְׁלֹמֹה אוֹיף יֶענֶעם מִזְבֵּחַ אוֹיפְגֶעבְּרַאכְט: 5 אִין גִבְעוֹן הָאט זִיךְ דֶער הַאר בֶּעוִויזֶען צוּ שְׁלֹמֹה אִין אַ חָלוֹם בֵּייא נַאכְט, אוּנְד גָאט הָאט גֶעזָאגְט, פֶערְלַאנְג, וָואס זָאל אִיךְ דִיר גֶעבֶּען: 6 אוּנְד שְׁלֹמֹה הָאט גֶעזָאגְט, דוּא הָאסְט גֶעטְהוּן מִיט דֵיין קְנֶעכְט, מֵיין פָאטֶער דָוִד, גְרוֹיסֶע גְנָאד, זְוִיא עֶר אִיז פָאר דִיר גֶעגַאנְגֶען אִין טְרֵייהַייט, אוּנְד אִין גֶערֶעכְטִיגְקַייט, אוּנְד מִיט אַ רֶעכְטפֶערְטִיג הַארְץ מִיט דִיר, אוּנְד דוּא הָאסְט אִיהם גֶעהִיט דִיא דָאזִיגֶע גְרוֹיסֶע גְנָאד, אוּנְד הָאסְט אִיהם גֶעגֶעבֶּען אַ זוּהְן וָואס זִיצְט אוֹיף זַיין שְׁטוּהל אַזוֹי זְוִיא דֶעם דָאזִיגֶען טָאג: 7 אוּנְד אַצוּנְד, אָ הַאר, מֵיין גָאט, דוּא הָאסְט גֶעמַאכְט קֶענִיגֶען דֵיין קְנֶעכְט אַנְשְׁטָאט מֵיין פָאטֶער דָוִד, אוּנְד אִיךְ בִּין אַ קְלֵיינֶער יוּנְג, אִיךְ וֵויים נִיט (מֵיין) אוֹיסְגַאנְג אוּנְד אֵיינְגַאנְג: 8 אוּנְד דֵיין קְנֶעכְט (אִיז) צְווִישֶׁען דֵיין פָאלְק וָואס דוּא הָאסְט אוֹיסְדֶערְוֶוועהְלְט, אַ גְרוֹיס פָאלְק, וָואס קֶען נִיט גֶעצֵיילְט וֶוערֶען, אוּנְד נִיט גֶערֶעכֶענְט וֶוערֶען וֶועגֶען פִילְהַייט: 9 דוּא זָאלְסְט גֶעבֶּען דֵיין קְנֶעכְט אַ הַארְץ, וָואס פֶערְשְׁטֵייט צוּ רִיכְטֶען דֵיין פָאלְק, צוּ פֶערְשְׁטֵיין צְווִישֶׁען גוּטֶעס אוּנְד שְׁלֶעכְטֶעס, וָוארִין וֶוער קֶען דֵיין דָאזִיגֶעס מֶעכְטִיגֶעס פָאלְק רִיכְטֶען? 10 אוּנְד דִיא זַאךְ אִיז וָואוֹילְגֶעפָאלֶען אִין דִיא אוֹיגֶען פוּן דֶעם הַאר, דָאס שְׁלֹמֹה הָאט גֶעבֶּעטֶען דִיא דָאזִיגֶע זַאךְ: 11 אוּנְד גָאט הָאט צוּ אִיהם גֶעזָאגְט, וֵוייל דוּא הָאסְט גֶעבֶּעטֶען דִיא דָאזִיגֶע זַאךְ, אוּנְד דוּא הָאסְט דִיר נִיט גֶעבֶּעטֶען לַאנְגֶע יָאהְרֶען, אוּנְד דוּא הָאסְט דִיר נִיט גֶעבֶּעטֶען רֵייכְטְהוּם, אוּנְד הָאסְט נִיט גֶעבֶּעטֶען דֵיינֶע פֵיינְד'ס לֶעבֶּען, נֵייעֶרְט הָאסְט דִיר גֶעבֶּעטֶען (צוּ פֶערְשְׁטֵיין) צוּ רִיכְטֶען: 12 זֶעה, אִיךְ הָאבּ גֶעטְהוּן נָאךְ דֵיינֶע וֶוערְטֶער, זֶעה, אִיךְ הָאבּ דִיר גֶעגֶעבֶּען אַ קְלוּגֶעס אוּנְד פֶערְשְׁטֶענְדִיגֶעס הַארְץ, וָואס גְלֵייךְ צוּ דִיר אִיז נִיט גֶעוֶועזֶען פָאר דִיר, אוּנְד נָאךְ דִיר וֶועט נִיט אוֹיפְשְׁטֵיין גְלֵייךְ זְוִיא דוּא: 13 אוּנְד אוֹיךְ דָאס וָואס דוּא הָאסְט נִיט גֶעבֶּעטֶען,

14 בָּנִיתִי בֵּית זְבֻל לָךְ מָכוֹן לְשִׁבְתְּךָ עוֹלָמִים׃ וַיַּסֵּב הַמֶּלֶךְ
אֶת־פָּנָיו וַיְבָרֶךְ אֵת כָּל־קְהַל יִשְׂרָאֵל וְכָל־קְהַל יִשְׂרָאֵל
טו עֹמֵד׃ וַיֹּאמֶר בָּרוּךְ יְהוָה אֱלֹהֵי יִשְׂרָאֵל אֲשֶׁר דִּבֶּר בְּפִיו
16 אֵת דָּוִד אָבִי וּבְיָדוֹ מִלֵּא לֵאמֹר׃ מִן־הַיּוֹם אֲשֶׁר הוֹצֵאתִי
אֶת־עַמִּי יִשְׂרָאֵל מִמִּצְרַיִם לֹא־בָחַרְתִּי בְעִיר מִכֹּל שִׁבְטֵי
יִשְׂרָאֵל לִבְנוֹת בַּיִת לִהְיוֹת שְׁמִי שָׁם וָאֶבְחַר בְּדָוִד לִהְיוֹת
17 עַל־עַמִּי יִשְׂרָאֵל׃ וַיְהִי עִם־לְבַב דָּוִד אָבִי לִבְנוֹת בַּיִת
18 לְשֵׁם יְהוָה אֱלֹהֵי יִשְׂרָאֵל׃ וַיֹּאמֶר יְהוָה אֶל־דָּוִד אָבִי יַעַן
אֲשֶׁר הָיָה עִם־לְבָבְךָ לִבְנוֹת בַּיִת לִשְׁמִי הֱטִיבֹתָ כִּי הָיָה
19 עִם־לְבָבֶךָ׃ רַק אַתָּה לֹא תִבְנֶה הַבָּיִת כִּי אִם־בִּנְךָ הַיֹּצֵא
כ מֵחֲלָצֶיךָ הוּא־יִבְנֶה הַבַּיִת לִשְׁמִי׃ וַיָּקֶם יְהוָה אֶת־דְּבָרוֹ
אֲשֶׁר דִּבֵּר וָאָקֻם תַּחַת דָּוִד אָבִי וָאֵשֵׁב ׀ עַל־כִּסֵּא יִשְׂרָאֵל
כַּאֲשֶׁר דִּבֶּר יְהוָה וָאֶבְנֶה הַבַּיִת לְשֵׁם יְהוָה אֱלֹהֵי יִשְׂרָאֵל׃
21 וָאָשִׂם שָׁם מָקוֹם לָאָרוֹן אֲשֶׁר־שָׁם בְּרִית יְהוָה אֲשֶׁר
כָּרַת עִם־אֲבֹתֵינוּ בְּהוֹצִיאוֹ אֹתָם מֵאֶרֶץ מִצְרָיִם׃
22 וַיַּעֲמֹד שְׁלֹמֹה לִפְנֵי מִזְבַּח יְהוָה נֶגֶד כָּל־קְהַל יִשְׂרָאֵל
23 וַיִּפְרֹשׂ כַּפָּיו הַשָּׁמָיִם׃ וַיֹּאמַר יְהוָה אֱלֹהֵי יִשְׂרָאֵל אֵין
כָּמוֹךָ אֱלֹהִים בַּשָּׁמַיִם מִמַּעַל וְעַל־הָאָרֶץ מִתָּחַת שֹׁמֵר
הַבְּרִית וְהַחֶסֶד לַעֲבָדֶיךָ הַהֹלְכִים לְפָנֶיךָ בְּכָל־לִבָּם׃
24 אֲשֶׁר שָׁמַרְתָּ לְעַבְדְּךָ דָּוִד אָבִי אֵת אֲשֶׁר־דִּבַּרְתָּ לוֹ
כה וַתְּדַבֵּר בְּפִיךָ וּבְיָדְךָ מִלֵּאתָ כַּיּוֹם הַזֶּה׃ וְעַתָּה יְהוָה ׀
אֱלֹהֵי יִשְׂרָאֵל שְׁמֹר לְעַבְדְּךָ דָוִד אָבִי אֵת אֲשֶׁר דִּבַּרְתָּ
לּוֹ לֵאמֹר לֹא־יִכָּרֵת לְךָ אִישׁ מִלְּפָנַי יֹשֵׁב עַל־כִּסֵּא
יִשְׂרָאֵל רַק אִם־יִשְׁמְרוּ בָנֶיךָ אֶת־דַּרְכָּם לָלֶכֶת לְפָנַי
26 כַּאֲשֶׁר הָלַכְתָּ לְפָנָי׃ וְעַתָּה אֱלֹהֵי יִשְׂרָאֵל יֵאָמֶן נָא
27 דְּבָרְיךָ אֲשֶׁר דִּבַּרְתָּ לְעַבְדְּךָ דָּוִד אָבִי׃ כִּי הַאֻמְנָם יֵשֵׁב
אֱלֹהִים עַל־הָאָרֶץ הִנֵּה הַשָּׁמַיִם וּשְׁמֵי הַשָּׁמַיִם לֹא יְכַלְכְּלוּךָ

איין וואוינונגס־הויז, איינע שטעלע, וואו דוא זאלסט דארטען אייביג בלייבען: 14 אונד דער קעניג האט אומגעקעהרט זיין פנים, אונד ער האט געבענשט דיא גאנצע פערזאמלונג, פון ישראל; אונד דיא גאנצע פערזאמלונג פון ישראל איז געשטאנען: 15 אונד ער האט געזאגט, געלויבט איז דער האר, דער גאט פון ישראל, וואס ער האט גערעדט מיט זיין מויל מיט מיין פאטער דוד, אונד מיט זיינע האנד האט ער דערפילט, אזוי צו זאגען: 16 פון דעם טאג אן, וואס איך האב מיין פאלק ישראל ארויסגעפיהרט פון מצרים, האב איך ניט אויסדערוויילט א שטאט, אונטער אלע שבטים פון ישראל, צו בויען איין הויז דאס מיין נאמען זאל דארטען זיין, אבער איך האב אויסדערוויילט דוד, דאס ער זאל זיין איבער מיין פאלק ישראל: 17 אונד ווען עס איז געוועזען אין מיין פאטער דוד'ס הארץ, צו בויען א הויז צו דעם נאמען פון דעם האר, דעם גאט פון ישראל: 18 האט דער האר געזאגט צו מיין פאטער דוד, וויל עס איז געוועזען אין דיין הארץ א הויז צו בויען פאר מיין נאמענ'ס וועגען, האסט דוא גוט געטהון, וויל דאס איז געוועזען אין דיין הארץ: 19 נור דוא זאלסט ניט בויען דאס הויז, נייערט דיין זוהן, וואס וועט ארויסגיין פון דיינע לענדען, ער וועט בויען דאס הויז פאר מיין נאמען: 20 אונד דער האר האט זיין ווארט בעשטעטיגט, וואס ער האט גערעדט, אונד איך בין אויפגעקומען אנשטאט מיין פאטער דוד, אונד איך האב מיך געזעצט אויף דעם שטוהל פון ישראל, אזוי וויא דער האר האט גערעדט; אונד איך האב געבויט דאס הויז צו דעם נאמען פון דעם האר, דעם גאט פון ישראל: 21 אונד איך האב דארטען בעשטימט איין ארט, צו דעם ארון, וואס דארטען זענען דיא לוחות הברית פון דעם האר, וואס ער האט געמאכט מיט אונזערע עלטערן, ווען ער האט זייא ארויסגעפיהרט פון דעם לאנד מצרים: 22 אונד שלמה האט זיך געשטעלט פאר דעם מזבח פון דעם האר, פאר דער גאנצען פערזאמלונג פון ישראל, אונד ער האט פערשפרייט זיינע הענד צו דעם הימעל: 23 אונד ער האט געזאגט, האר גאט פון ישראל, עס איז ניט דא איין גאט אין הימעל פון אויבען, אונד אויף דער ערד פון אונטען גלייך צו דיר, וואס האלטסט דעם בונד אונד דיא גנאד צו דיינע קנעכט וואס געהען פאר דיר מיט זייער גאנצען הארץ: 24 אונד וואס דוא האסט געהאלטען צו דיין קנעכט, מיין פאטער דוד, דאס וואס דוא האסט צו איהם צוגעזאגט אונד דוא האסט מיט דיין מויל גערעדט, אונד מיט דיינע האנד האסט דוא עס דערפילט, אזוי וויא עס איז דעם דאזיגען טאג: 25 אונד אצונד, האר גאט פון ישראל, האלט צו דיין קנעכט, מיין פאטער דוד, דאס וואס דוא האסט איהם צוגעזאגט, אזוי צו זאגען; עס זאל דיר ניט פערשניטען ווערען א מאן פאר מיר, איינער וואס זאל זיצען אויף דעם שטוהל פון ישראל, נייערט ווען דיינע קינדער וועלען היטען זייער וועג, צו גיין פאר מיר, וויא דוא ביזט פאר מיר געגאנגען: 26 אונד אצונד, א גאט פון ישראל, לאזען דאך וואהר בלייבען דיינע ווערטער וואס דוא האסט גערעדט צו דיין קנעכט, מיין פאטער דוד: 27 וואריך איז דאס דען אמת דאס גאט זאל וואוינען אויף דער ערד? זעה, דער הימעל, אונד דיא העכסטע הימעל קענען דיך ניט ענטהאלטען,

וויא

28 אַף כִּי־הַבַּיִת הַזֶּה אֲשֶׁר בָּנִיתִי׃ וּפָנִיתָ אֶל־תְּפִלַּת עַבְדְּךָ
וְאֶל־תְּחִנָּתוֹ יְהוָה אֱלֹהָי לִשְׁמֹעַ אֶל־הָרִנָּה וְאֶל־הַתְּפִלָּה
29 אֲשֶׁר עַבְדְּךָ מִתְפַּלֵּל לְפָנֶיךָ הַיּוֹם׃ לִהְיוֹת עֵינֶךָ פְתֻחֹת
אֶל־הַבַּיִת הַזֶּה לַיְלָה וָיוֹם אֶל־הַמָּקוֹם אֲשֶׁר אָמַרְתָּ יִהְיֶה
שְׁמִי שָׁם לִשְׁמֹעַ אֶל־הַתְּפִלָּה אֲשֶׁר יִתְפַּלֵּל עַבְדְּךָ אֶל־
ל הַמָּקוֹם הַזֶּה׃ וְשָׁמַעְתָּ אֶל־תְּחִנַּת עַבְדְּךָ וְעַמְּךָ יִשְׂרָאֵל
אֲשֶׁר יִתְפַּלְלוּ אֶל־הַמָּקוֹם הַזֶּה וְאַתָּה תִּשְׁמַע אֶל־מְקוֹם
31 שִׁבְתְּךָ אֶל־הַשָּׁמַיִם וְשָׁמַעְתָּ וְסָלָחְתָּ׃ אֵת אֲשֶׁר יֶחֱטָא
אִישׁ לְרֵעֵהוּ וְנָשָׁא־בוֹ אָלָה לְהַאֲלֹתוֹ וּבָא אָלָה לִפְנֵי
32 מִזְבַּחֲךָ בַּבַּיִת הַזֶּה׃ וְאַתָּה ׀ תִּשְׁמַע הַשָּׁמַיִם וְעָשִׂיתָ
וְשָׁפַטְתָּ אֶת־עֲבָדֶיךָ לְהַרְשִׁיעַ רָשָׁע לָתֵת דַּרְכּוֹ בְּרֹאשׁוֹ
33 וּלְהַצְדִּיק צַדִּיק לָתֶת לוֹ כְּצִדְקָתוֹ׃ בְּהִנָּגֵף עַמְּךָ
יִשְׂרָאֵל לִפְנֵי אוֹיֵב אֲשֶׁר יֶחֶטְאוּ־לָךְ וְשָׁבוּ אֵלֶיךָ וְהוֹדוּ
34 אֶת־שְׁמֶךָ וְהִתְפַּלְלוּ וְהִתְחַנְּנוּ אֵלֶיךָ בַּבַּיִת הַזֶּה׃ וְאַתָּה
תִּשְׁמַע הַשָּׁמַיִם וְסָלַחְתָּ לְחַטַּאת עַמְּךָ יִשְׂרָאֵל וַהֲשֵׁבֹתָם
לה אֶל־הָאֲדָמָה אֲשֶׁר נָתַתָּ לַאֲבוֹתָם׃ בְּהֵעָצֵר שָׁמַיִם
וְלֹא־יִהְיֶה מָטָר כִּי יֶחֶטְאוּ־לָךְ וְהִתְפַּלְלוּ אֶל־הַמָּקוֹם הַזֶּה
36 וְהוֹדוּ אֶת־שְׁמֶךָ וּמֵחַטָּאתָם יְשׁוּבוּן כִּי תַעֲנֵם׃ וְאַתָּה ׀
תִּשְׁמַע הַשָּׁמַיִם וְסָלַחְתָּ לְחַטַּאת עֲבָדֶיךָ וְעַמְּךָ יִשְׂרָאֵל
כִּי תוֹרֵם אֶת־הַדֶּרֶךְ הַטּוֹבָה אֲשֶׁר יֵלְכוּ־בָהּ וְנָתַתָּה מָטָר
37 עַל־אַרְצְךָ אֲשֶׁר־נָתַתָּה לְעַמְּךָ לְנַחֲלָה׃ רָעָב כִּי־
יִהְיֶה בָאָרֶץ דֶּבֶר כִּי־יִהְיֶה שִׁדָּפוֹן יֵרָקוֹן אַרְבֶּה חָסִיל כִּי
יִהְיֶה כִּי יָצַר־לוֹ אֹיְבוֹ בְּאֶרֶץ שְׁעָרָיו כָּל־נֶגַע כָּל־מַחֲלָה׃
38 כָּל־תְּפִלָּה כָל־תְּחִנָּה אֲשֶׁר תִהְיֶה לְכָל־הָאָדָם לְכֹל עַמְּךָ
יִשְׂרָאֵל אֲשֶׁר יֵדְעוּן אִישׁ נֶגַע לְבָבוֹ וּפָרַשׂ כַּפָּיו אֶל־
39 הַבַּיִת הַזֶּה׃ וְאַתָּה תִּשְׁמַע הַשָּׁמַיִם מְכוֹן שִׁבְתֶּךָ וְסָלַחְתָּ
וְעָשִׂיתָ וְנָתַתָּ לָאִישׁ כְּכָל־דְּרָכָיו אֲשֶׁר תֵּדַע אֶת־לְבָבוֹ
מ כִּי־אַתָּה יָדַעְתָּ לְבַדְּךָ אֶת־לְבַב כָּל־בְּנֵי הָאָדָם׃ לְמַעַן

זָויא אַזוֹי זָאל דָאס דָאזִיגֶע הוֹיז, וָואס
אִיךְ הָאב גֶעבּוֹיט? 28 דוּא אָבֶּער זָאלְסְט
דִיךְ וֶוענְדֶען צוּ דֶעם גֶעבֶּעט אוּנְד גֶע־
זֵייען פוּן דֵיין קְנֶעכְט, אָ הַאר מֵיין
גָאט, אַז דוּא זָאלְסְט צוּהֶערֶען צוּ דֶעם
גֶעשְׁרֵייא, אוּנְד צוּ דֶעם גֶעבֶּעט וָואס
דֵיין קְנֶעכְט בֶּעט הֵיינְט פָאר דִיר׃
29 דָאס דֵיינֶע אוֹיגֶען זָאלֶען אָפֶען זֵיין
צוּ דֶעם דָאזִיגֶען הוֹיז נַאכְט אוּנְד טָאג,
אִין דֶעם אָרְט וָואס דוּא הָאסְט גֶעזָאגְט,
מֵיין נָאמֶען וֶועט דָארְטֶען זֵיין, כְּדֵי צוּ
הֶערֶען דָאס גֶעבֶּעט וָואס דֵיין קְנֶעכְט
וֶועט בֶּעטֶען אִין דֶעם דָאזִיגֶען אָרְט׃
30 אוּנְד דוּא זָאלְסְט הֶערֶען דָאס גֶעבֶּעט־
פוּן דֵיין קְנֶעכְט, אוּנְד פוּן דֵיין פָאלְק
יִשְׂרָאֵל, וָואס וֶועלֶען אַן דֶעם דָאזִיגֶען
אָרְט בֶּעטֶען, אוּנְד דוּא זָאלְסְט הֶערֶען
פוּן דֶעם אָרְט דֵיינֶער וְואוֹינוּנְג אִים
הִימֶעל, אוּנְד וֶוען דוּא וֶועסְט הֶערֶען,
אַזוֹי זָאלְסְט דוּא פֶערְגֶעבֶּען׃ 31 וֶוען
אֵיינֶער וֶועט אַן זֵיין נֶעכְסְטֶען זִינְדִיגֶען,
אוּנְד וֶועט אוֹיף אִיהְם אוֹיפְלֵייגֶען אַ
שְׁבוּעָה, אִיהְם צוּ בֶּעשְׁוֶוערֶען, אוּנְד דִיא
שְׁבוּעָה וֶועט קוּמֶען פָאר דֵיין מִזְבֵּחַ, אִין
דֶעם דָאזִיגֶען הוֹיז׃ 32 אַזוֹי זָאלְסְט דוּא
דֶערְהֶערֶען אִים הִימֶעל, אוּנְד זָאלְסְט
טְהוּן, אוּנְד זָאלְסְט רִיכְטֶען דֵיינֶע קְנֶעכְט, צוּ פֶערְשׁוּלְדִיגֶען דֶעם זִינְדִיגֶען, צוּ גֶעבֶּען
זֵיינֶע אוֹיפְפִיהְרוּנְג אוֹיף זֵיין קָאפּ, אוּנְד גֶערֶעכְט צוּ מַאכֶען דֶעם גֶערֶעכְטֶען, אִיהְם צוּ
גֶעבֶּען נָאךְ זֵיינֶע גֶערֶעכְטִיגְקֵייט׃ 33 וֶוען דֵיין פָאלְק יִשְׂרָאֵל וֶועט גֶעשְׁלָאגֶען וֶוערֶען
פָאר דֶעם פֵיינְד, ווייל זַייא הָאבֶּען קֶעגֶען דִיר גֶעזִינְדִיגְט, אוּנְד זַייא וֶועלֶען זִיךְ
בֶּעקֶעהְרֶען צוּ דִיר, אוּנְד זַייא וֶועלֶען בֶּעקֶענֶען דֵיין נָאמֶען, אוּנְד זַייא וֶועלֶען בֶּעטֶען
צוּ דִיר אִין דֶעם דָאזִיגֶען הוֹיז׃ 34 אַזוֹי זָאלְסְט דוּא הֶערֶען אִים הִימֶעל, אוּנְד דוּא
זָאלְסְט פֶערְגֶעבֶּען דִיא זִינְד פוּן דֵיין פָאלְק יִשְׂרָאֵל, אוּנְד זָאלְסְט זַייא צוּרִיקבְּרֶענְגֶען
צוּ דֶעם לַאנְד, וָואס דוּא הָאסְט גֶעגֶעבֶּען צוּ זֵיירֶע עֶלְטֶערְן׃ 35 וֶוען דֶער הִימֶעל
וֶועט פֶערְשְׁלָאסֶען וֶוערֶען, אוּנְד עֶס וֶועט נִיט זֵיין קֵיין רֶעגֶען, ווייל זַייא הָאבֶּען קֶעגֶען
דִיר גֶעזִינְדִיגְט, אוּנְד זַייא וֶועלֶען בֶּעטֶען אַן דֶעם דָאזִיגֶען אָרְט, אוּנְד זַייא וֶועלֶען
בֶּעקֶענֶען דֵיין נָאמֶען, אוּנְד זַייא וֶועלֶען זִיךְ בֶּעקֶעהְרֶען פוּן זֵיירֶע זִינְד, וָואס דוּא
וֶועסְט זַייא דְרִיקֶען׃ 36 אַזוֹי זָאלְסְט דוּא הֶערֶען אִים הִימֶעל, אוּנְד דוּא זָאלְסְט
פֶערְגֶעבֶּען דִיא זִינְד פוּן דֵיינֶע קְנֶעכְט, אוּנְד פוּן דֵיין פָאלְק יִשְׂרָאֵל, דָאס דוּא זָאלְסְט
זַייא וֵוייזֶען דֶעם גוּטֶען וֶועג, וָואס זַייא זָאלֶען גֵיין אִין אִיהְם, אוּנְד דוּא זָאלְסְט גֶעבֶּען
רֶעגֶען אוֹיף דֵיין לַאנְד, וָואס דוּא הָאסְט גֶעגֶעבֶּען צוּ דֵיין פָאלְק אַלְס יְרוּשָּׁה׃ 37 וֶוען
עֶס וֶועט זֵיין אַ הוּנְגֶער אִים לַאנְד, אָדֶער עֶס וֶועט זֵיין אַ פֶּעסְט, אַ גֶעטְרֵיידֶע בְּרַאנְד,
גֶעלְבּ־זוּכְט, אָדֶער אוֹיבּ עֶס וֶועט זֵיין הֵייוּשְׁרֶעקֶען, אָדֶער זֵיין פֵיינְד וֶועט
אִיהְם בֶּעלַאגֶערֶען אִין זֵיין לַאנְד, אִין זֵיינֶע טוֹיעֶרֶען, אִיטְלִיכֶע פְּלָאג, אוּנְד קְרַאנְק־
הֵייט וָואס עֶס וֶועט זֵיין׃ 38 אִיטְלִיכֶעס גֶעבֶּעט, אוּנְד גֶעוויין, וָואס עֶס וֶועט
זֵיין צוּ יֶעדֶען אֵיינְצִיגֶען מֶענְשׁ, אָדֶער צוּ דֵיין פָאלְק יִשְׂרָאֵל, וָואס אִיטְלִיכֶער
וֶועט וִויסֶען דִיא פְּלָאג פוּן זֵיין הַארְץ, אוּנְד עֶר וֶועט אוֹיסְשְׁפְּרֵייטֶען זֵיינֶע
הֶענְד צוּ דֶעם דָאזִיגֶען הוֹיז׃ 39 אַזוֹי זָאלְסְט דוּא הֶערֶען אִים הִימֶעל, אִין
דֶעם אָרְט פוּן דֵיינֶע וְואוֹינוּנְג, אוּנְד זָאלְסְט פֶערְגֶעבֶּען, אוּנְד זָאלְסְט שַׁאפֶען,
אוּנְד גֶעבֶּען אִיטְלִיכֶען נָאךְ זֵיינֶע וֶועגֶען, ווייל דוּא קֶענְסְט זֵיין הַארְץ, וָוארִין דוּא
אַלֵיין קֶענְסְט דָאס הַארְץ פוּן אַלֶע מֶענְשֶׁען־קִינְדֶער׃ 40 אַז זַייא זָאלֶען זִיךְ

יִרָאוּךָ כָּל־הַיָּמִים אֲשֶׁר־הֵם חַיִּים עַל־פְּנֵי הָאֲדָמָה אֲשֶׁר
41 נָתַתָּה לַאֲבֹתֵינוּ׃ וְגַם אֶל־הַנָּכְרִי אֲשֶׁר לֹא־מֵעַמְּךָ יִשְׂרָאֵל
42 הוּא וּבָא מֵאֶרֶץ רְחוֹקָה לְמַעַן שְׁמֶךָ׃ כִּי יִשְׁמְעוּן אֶת־
שִׁמְךָ הַגָּדוֹל וְאֶת־יָדְךָ הַחֲזָקָה וּזְרֹעֲךָ הַנְּטוּיָה וּבָא
43 וְהִתְפַּלֵּל אֶל־הַבַּיִת הַזֶּה׃ אַתָּה תִּשְׁמַע הַשָּׁמַיִם מְכוֹן
שִׁבְתֶּךָ וְעָשִׂיתָ כְּכֹל אֲשֶׁר־יִקְרָא אֵלֶיךָ הַנָּכְרִי לְמַעַן
יֵדְעוּן כָּל־עַמֵּי הָאָרֶץ אֶת־שְׁמֶךָ לְיִרְאָה אֹתְךָ כְּעַמְּךָ
יִשְׂרָאֵל וְלָדַעַת כִּי־שִׁמְךָ נִקְרָא עַל־הַבַּיִת הַזֶּה אֲשֶׁר
44 בָּנִיתִי׃ כִּי־יֵצֵא עַמְּךָ לַמִּלְחָמָה עַל־אֹיְבוֹ בַּדֶּרֶךְ
אֲשֶׁר תִּשְׁלָחֵם וְהִתְפַּלְלוּ אֶל־יְהוָה דֶּרֶךְ הָעִיר אֲשֶׁר
מה בָּחַרְתָּ בָּהּ וְהַבַּיִת אֲשֶׁר־בָּנִתִי לִשְׁמֶךָ׃ וְשָׁמַעְתָּ הַשָּׁמַיִם
46 אֶת־תְּפִלָּתָם וְאֶת־תְּחִנָּתָם וְעָשִׂיתָ מִשְׁפָּטָם׃ כִּי יֶחֶטְאוּ־
לָךְ כִּי אֵין אָדָם אֲשֶׁר לֹא־יֶחֱטָא וְאָנַפְתָּ בָם וּנְתַתָּם לִפְנֵי
אוֹיֵב וְשָׁבוּם שֹׁבֵיהֶם אֶל־אֶרֶץ הָאוֹיֵב רְחוֹקָה אוֹ קְרוֹבָה׃
47 וְהֵשִׁיבוּ אֶל־לִבָּם בָּאָרֶץ אֲשֶׁר נִשְׁבּוּ־שָׁם וְשָׁבוּ ׀ וְהִתְחַנְּנוּ
אֵלֶיךָ בְּאֶרֶץ שֹׁבֵיהֶם לֵאמֹר חָטָאנוּ וְהֶעֱוִינוּ רָשָׁעְנוּ׃
48 וְשָׁבוּ אֵלֶיךָ בְּכָל־לְבָבָם וּבְכָל־נַפְשָׁם בְּאֶרֶץ אֹיְבֵיהֶם
אֲשֶׁר־שָׁבוּ אֹתָם וְהִתְפַּלְלוּ אֵלֶיךָ דֶּרֶךְ אַרְצָם אֲשֶׁר
נָתַתָּה לַאֲבוֹתָם הָעִיר אֲשֶׁר בָּחַרְתָּ וְהַבַּיִת אֲשֶׁר־בָּנִיתָ
49 לִשְׁמֶךָ׃ וְשָׁמַעְתָּ הַשָּׁמַיִם מְכוֹן שִׁבְתְּךָ אֶת־תְּפִלָּתָם
נ וְאֶת־תְּחִנָּתָם וְעָשִׂיתָ מִשְׁפָּטָם׃ וְסָלַחְתָּ לְעַמְּךָ אֲשֶׁר
חָטְאוּ־לָךְ וּלְכָל־פִּשְׁעֵיהֶם אֲשֶׁר פָּשְׁעוּ־בָךְ וּנְתַתָּם לְרַחֲמִים
51 לִפְנֵי שֹׁבֵיהֶם וְרִחֲמוּם׃ כִּי־עַמְּךָ וְנַחֲלָתְךָ הֵם אֲשֶׁר הוֹצֵאתָ
52 מִמִּצְרַיִם מִתּוֹךְ כּוּר הַבַּרְזֶל׃ לִהְיוֹת עֵינֶיךָ פְתֻחֹת אֶל־
תְּחִנַּת עַבְדְּךָ וְאֶל־תְּחִנַּת עַמְּךָ יִשְׂרָאֵל לִשְׁמֹעַ אֲלֵיהֶם
53 בְּכֹל קָרְאָם אֵלֶיךָ׃ כִּי־אַתָּה הִבְדַּלְתָּם לְךָ לְנַחֲלָה מִכֹּל
עַמֵּי הָאָרֶץ כַּאֲשֶׁר דִּבַּרְתָּ בְּיַד ׀ מֹשֶׁה עַבְדֶּךָ בְּהוֹצִיאֲךָ

פָאר דיר פָארכְטֶען אַלֶע טֶעג, אַזוֹי לַאנְג ווִיא זֵייא וֶועלֶען לֶעבֶּען אוֹיף דֶעם לַאנְד, וָואס דוּא הָאסְט גֶעגֶעבֶּען צוּ זֵיירֶע עֶלְטֶערְן׃ 41 אוּנְד אוֹיךְ צוּ דֶעם פְרֶעמְדֶען, וָואס אִיז נִיט פוּן דֵיין פָאלְק יִשְׂרָאֵל, וֶוען עֶר וֶועט קוּמֶען פוּן אַ ווֵייטֶען לַאנְד, אוּם דֵיין נָאמֶענְ׳ס וֶועגֶען׃ 42 וָוארִין זֵייא וֶועלֶען הֶערֶען פוּן דֵיין גְרוֹיסֶען נָאמֶען, אוּנְד פוּן דֵיינֶע מֶעכְטִיגֶע הַאנְד, אוּנְד דֵיין אוֹיסְגֶע־שְׁטְרֶעקְטֶען אָרֶעם, אוּנְד עֶר וֶועט קוּמֶען, אוּנְד עֶר וֶועט בֶּעטֶען אִין דֶעם דָאזִיגֶען הוֹיז׃ 43 אַזוֹי זָאלְסְט דוּא הֶערֶען אִים הִימֶעל, דֶעם אָרְט פוּן דֵיינֶע ווְאוֹינוּנְג, אוּנְד דוּא זָאלְסְט טְהוּן, אַלֶעס וָואס דֶער פְרֶעמְדֶער וֶועט צוּ דִיר רוּפֶען, כְּדֵי אַלֶע פֶעלְקֶער פוּן דֶער עֶרְד זָאלֶען דֶערְקֶענֶען דֵיין נָאמֶען, דָאס זֵייא זָאלֶען זִיךְ פָארְכְטֶען פָאר דִיר, ווִיא דֵיין פָאלְק יִשְׂרָאֵל, אוּנְד זֵייא זָאלֶען ווִיסֶען דָאס דֵיין נָאמֶען וֶוערְט גֶערוּפֶען אוֹיף דֶעם דָאזִיגֶען אָרְט, וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעבּוֹיט׃ 44 וֶוען דֵיין פָאלְק וֶועט אַרוֹיסְגֵיין אִין דֶער מִלְחָמָה קֶעגֶען זֵיינֶע פֵיינְד, אִין דֶעם וֶועג וָואס דוּא וֶועסְט זֵייא שִׁיקֶען, אוּנְד זֵייא וֶועלֶען בֶּעטֶען צוּ גָאט, אוֹיף דֶעם וֶועג צוּ דֶער שְׁטָאט וָואס דוּא הָאסְט אוֹיסְדֶערְוֶוועלְט, אוּנְד צוּ דֶעם הוֹיז, וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעבּוֹיט צוּ דֵיין נָאמֶען׃ 45 אַזוֹי זָאלְסְט דוּא זֵייעֶר גֶעבֶּעט אוּנְד גֶעוֵויין הֶערֶען אִים הִימֶעל, אוּנְד דוּא זָאלְסְט טְהוּן זֵייעֶר רֶעכְט׃ 46 וֶוען זֵייא וֶועלֶען קֶעגֶען דִיר זִינְדִיגֶען,—וָוארִין עֶס אִיז נִיט דָא אֵיין מֶענְשׁ וָואס זִינְדִיגְט נִיט—אוּנְד דוּא וֶועסְט אוֹיף זֵייא צָארְנֶען, אוּנְד וֶועסְט זֵייא אִיבֶּערְגֶעבֶּען פָאר דֶעם פֵיינְד, אוּנְד זֵייא וֶועלֶען זֵייא אַוֶועקְפִירֶען אִין דֶעם לַאנְד פוּן דֶעם פֵיינְד; ווֵייט אָדֶער נָאהֶענְט׃ 47 אוּנְד זֵייא וֶועלֶען זִיךְ בֶּעדֶענְקֶען אִין דֶעם הַארְץ אִין דֶעם לַאנְד ווְאוּ זֵייא זֶענֶען דָארְטֶען גֶעפַאנְגֶען גֶעוָוארֶען, אוּנְד זֵייא וֶועלֶען זִיךְ בֶּעקֶעהְרֶען, אוּנְד זֵייא וֶועלֶען פוּן דֶעם לַאנְד פוּן זֵיירֶע גֶעפַאנְגֶענְשַׁאפְט צוּ דִיר בֶּעטֶען, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, מִיר הָאבֶּען גֶעזִינְדִיגְט, מִיר הָאבֶּען אוּנְרֶעכְט גֶעטְהוּן, אוּנְד מִיר הָאבֶּען פֶערְשׁוּלְדִיגְט׃ 48 אוּנְד זֵייא וֶועלֶען זִיךְ בֶּעקֶעהְרֶען צוּ דִיר מִיט זֵייעֶר גַאנְצֶען הַארְץ, אוּנְד מִיט זֵיירֶע גַאנְצֶע זֶעלֶע, אִים לַאנְד פוּן זֵיירֶע פֵיינְד וָואס זֵייא הָאבֶּען זֵייא גֶעפַאנְגֶען, אוּנְד זֵייא וֶועלֶען צוּ דִיר בֶּעטֶען אוֹיף דֶעם וֶועג צוּ זֵייעֶר לַאנְד, וָואס דוּא הָאסְט גֶעגֶעבֶּען צוּ זֵיירֶע עֶלְטֶערְן, צוּ דִיא שְׁטָאט וָואס דוּא הָאסְט אוֹיסְדֶערְוֶוועלְט, אוּנְד צוּ דֶעם הוֹיז וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעבּוֹיט צוּ דֵיין נָאמֶען׃ 49 אַזוֹי זָאלְסְט דוּא זֵייעֶר גֶעבֶּעט, אוּנְד זֵייעֶר גֶעוֵויין הֶערֶען אִים הִימֶעל, אִין דֶעם אָרְט פוּן דֵיינֶע ווְאוֹינוּנְג, אוּנְד דוּא וֶועסְט זֵייא רֶעכְט טְהוּן׃ 50 אוּנְד אַזוֹי וֶועסְט דוּא פֶערְגֶעבֶּען צוּ דֵיין פָאלְק, וָואס הָאבֶּען צוּ דִיר גֶעזִינְדִיגְט, אוּנְד צוּ אַלֶע זֵיירֶע שׁוּלְדֶען וָואס זֵייא הָאבֶּען פֶערְשׁוּלְדִיגְט אַן דִיר, אוּנְד דוּא וֶועסְט זֵייא גֶעבֶּען צוּ דֶערְבַּארְמוּנְג פָאר זֵיירֶע פַאנְגֶער, אוּנְד זֵייא וֶועלֶען זִיךְ דֶערְבַּארְמֶען׃ 51 וָוארִין זֵייא זֶענֶען דֵיין פָאלְק אוּנְד נַחֲלָה, וָואס דוּא הָאסְט אַרוֹיסְגֶעפִיהְרְט פוּן מִצְרַיִם, אוּס דֶעם אֵייזֶערְנֶעם אוֹיפֶען׃ 52 דָאס דֵיינֶע אוֹיגֶען זָאלֶען זֵיין אָפֶען צוּ דֶעם גֶעבֶּעט פוּן דֵיין קְנֶעכְט, אוּנְד צוּ דֶעם גֶעבֶּעט פוּן דֵיין פָאלְק יִשְׂרָאֵל, דָאס דוּא זָאלְסְט זֵייא הֶערֶען אִין אַלֶע זֵיירֶע רוּפוּנְג צוּ דִיר׃ 53 וָוארִין דוּא הָאסְט זֵייא אָפְּגֶעזוּנְדֶערְט צוּ דֵיינֶע נַחֲלָה אוּס אַלֶע פֶעלְקֶער פוּן דֶער עֶרְד, ווִיא דוּא הָאסְט גֶערֶעט דוּרְךְ דֵיין קְנֶעכְט מֹשֶׁה, וֶוען דוּא הָאסְט אוּנְזֶערֶע עֶלְטֶערְן אַרוֹיסְגֶעפִיהְרְט

פוּן

אֶת־אֲבֹתֵינוּ מִמִּצְרַיִם אֲדֹנָי יֱהֹוִה׃ וַיְהִי ׀ כְּכַלּוֹת 54
שְׁלֹמֹה לְהִתְפַּלֵּל אֶל־יְהֹוָה אֵת כָּל־הַתְּפִלָּה וְהַתְּחִנָּה
הַזֹּאת קָם מִלִּפְנֵי מִזְבַּח יְהֹוָה מִכְּרֹעַ עַל־בִּרְכָּיו וְכַפָּיו
פְּרֻשׂוֹת הַשָּׁמָיִם׃ וַיַּעֲמֹד וַיְבָרֶךְ אֵת כָּל־קְהַל יִשְׂרָאֵל נה
קוֹל גָּדוֹל לֵאמֹר׃ בָּרוּךְ יְהֹוָה אֲשֶׁר נָתַן מְנוּחָה לְעַמּוֹ 56
יִשְׂרָאֵל כְּכֹל אֲשֶׁר דִּבֵּר לֹא־נָפַל דָּבָר אֶחָד מִכֹּל דְּבָרוֹ
הַטּוֹב אֲשֶׁר דִּבֶּר בְּיַד מֹשֶׁה עַבְדּוֹ׃ יְהִי יְהֹוָה אֱלֹהֵינוּ 57
עִמָּנוּ כַּאֲשֶׁר הָיָה עִם־אֲבֹתֵינוּ אַל־יַעַזְבֵנוּ וְאַל־יִטְּשֵׁנוּ׃
לְהַטּוֹת לְבָבֵנוּ אֵלָיו לָלֶכֶת בְּכָל־דְּרָכָיו וְלִשְׁמֹר מִצְוֹתָיו 58
וְחֻקָּיו וּמִשְׁפָּטָיו אֲשֶׁר צִוָּה אֶת־אֲבֹתֵינוּ׃ וְיִהְיוּ דְבָרַי 59
אֵלֶּה אֲשֶׁר הִתְחַנַּנְתִּי לִפְנֵי יְהֹוָה קְרֹבִים אֶל־יְהֹוָה אֱלֹהֵינוּ
יוֹמָם וָלָיְלָה לַעֲשׂוֹת ׀ מִשְׁפַּט עַבְדּוֹ וּמִשְׁפַּט עַמּוֹ יִשְׂרָאֵל
דְּבַר־יוֹם בְּיוֹמוֹ׃ לְמַעַן דַּעַת כָּל־עַמֵּי הָאָרֶץ כִּי יְהֹוָה הוּא ס
הָאֱלֹהִים אֵין עוֹד׃ וְהָיָה לְבַבְכֶם שָׁלֵם עִם יְהֹוָה אֱלֹהֵינוּ 61
לָלֶכֶת בְּחֻקָּיו וְלִשְׁמֹר מִצְוֹתָיו כַּיּוֹם הַזֶּה׃ וְהַמֶּלֶךְ וְכָל־ 62
יִשְׂרָאֵל עִמּוֹ זֹבְחִים זֶבַח לִפְנֵי יְהֹוָה׃ וַיִּזְבַּח שְׁלֹמֹה אֵת־ 63
זֶבַח הַשְּׁלָמִים אֲשֶׁר זָבַח לַיהֹוָה בָּקָר עֶשְׂרִים וּשְׁנַיִם אֶלֶף
וְצֹאן מֵאָה וְעֶשְׂרִים אָלֶף וַיַּחְנְכוּ אֶת־בֵּית יְהֹוָה הַמֶּלֶךְ
וְכָל־בְּנֵי יִשְׂרָאֵל׃ בַּיּוֹם הַהוּא קִדַּשׁ הַמֶּלֶךְ אֶת־תּוֹךְ 64
הֶחָצֵר אֲשֶׁר לִפְנֵי בֵית־יְהֹוָה כִּי־עָשָׂה שָׁם אֶת־הָעֹלָה וְאֶת־
הַמִּנְחָה וְאֵת חֶלְבֵי הַשְּׁלָמִים כִּי־מִזְבַּח הַנְּחֹשֶׁת אֲשֶׁר
לִפְנֵי יְהֹוָה קָטֹן מֵהָכִיל אֶת־הָעֹלָה וְאֶת־הַמִּנְחָה וְאֵת חֶלְבֵי
הַשְּׁלָמִים׃ וַיַּעַשׂ שְׁלֹמֹה בָעֵת־הַהִיא ׀ אֶת־הֶחָג וְכָל־ סה
יִשְׂרָאֵל עִמּוֹ קָהָל גָּדוֹל מִלְּבוֹא חֲמָת ׀ עַד־נַחַל מִצְרַיִם
לִפְנֵי יְהֹוָה אֱלֹהֵינוּ שִׁבְעַת יָמִים וְשִׁבְעַת יָמִים אַרְבָּעָה
עָשָׂר יוֹם׃ בַּיּוֹם הַשְּׁמִינִי שִׁלַּח אֶת־הָעָם וַיְבָרְכוּ אֶת־ 66

פון מִצְרַיִם, אָ האר גָאט׃
54 אונד עס איז געוועזען ווען שְׁלֹמֹה האט געענדיגט צו בעטען צו דעם האר דאס דאזיגע גאנצע געבעט, אונד געווײן, איז ער אויפגעשטאנען פון דעם מִזְבֵּחַ פון דעם האר, פון דעם קניען זיך אויף זיינע קניען, מיט זיינע הענד אויסגעשפרייט צו דעם הימעל׃
55 אונד ער האט זיך געשטעלט, אונד האט געבענשט דיא גאנצע פערזאמלונג פון יִשְׂרָאֵל מיט א הויכער שטימע, אזוי צו זאגען׃
56 געלויבט איז דער האר וואס ער האט געגעבען רוהע צו זיין פאלק יִשְׂרָאֵל, אזוי וויא ער האט גערעדט, קיין ווארט פעהלט פון אלע זיינע גוטע רייד וואס ער האט צוגעזאגט דורך זיין קנעכט מֹשֶׁה׃
57 דער האר אונזער גאט זאל זיין מיט אונס, וויא ער איז געוועזען מיט אונזערע עלטערן, ער זאל אונס ניט פערלאזען, אונד ער זאל אונס ניט פערשטויסען׃
58 צו נייגען אונזער הארץ צו איהם, דאס מיר זאלען גיין אין אלע זיינע וועגען, אונד צו היטען זיינע מִצְוֹת, אונד זיינע געזעץ, אונד זיינע מִשְׁפָּטִים וואס ער האט געבאטען צו אונזערע עלטערן׃
59 אונד דיא דאזיגע ווערטער וואס איך האב געבעטען פאר דעם האר זאלען זיין נאהענט צו דעם האר, אונזער גאט, טאג אונד נאכט, אונד צו טהון דאס רעכט פון זיין קנעכט, אונד דאס רעכט פון זיין פאלק יִשְׂרָאֵל טאג פאר טאג׃
60 כְּדֵי אז אלע פעלקער פון דער ערד זאלען דערקענען דאס יְהֹוָה איז גאט, אונד קיינער מעהר׃
61 אונד אז אייער הארץ זאל זיין גאנץ מיט דעם האר, אונזער גאט, צו גיין נאך זיין געזעץ, אונד צו היטען זיינע מִצְוֹת, וויא עס איז דעם היינטיגען טאג׃
62 אונד דער מֶלֶךְ אונד גאנץ יִשְׂרָאֵל האט געשאכטען פאר יְהֹוָה א שעכטונג׃
63 אונד שְׁלֹמֹה האט געשאכטען דיא שְׁלָמִים וואס ער האט געשאכטען צו דעם האר, צוויא אונד צוואנציג טויזענד רינדער אונד הונדערט אונד צוואנציג טויזענד שאף, אזוי האבען זייא מְחַנֵּךְ געוועזען דאס הויז פון גאט, דער מֶלֶךְ אונד אלע קינדער פון יִשְׂרָאֵל׃
64 אין דעם דאזיגען טאג האט דער מֶלֶךְ געהייליגט דאס מיטעל־הויז וואס איז פאר דעם הויז פון דעם האר, ווייל ער האט דארטען געמאכט דאס בראנד־אפפער, אונד דאס שפייז־אפפער, אונד דאס פעט פון דיא פריד־אפפער, וואָרין דער קופערנער מִזְבֵּחַ וואס וואר פאר דעם האר וואר צו קליין צו פערנעמען דיא בראנד־אפפער אונד דיא שפייז־אפפער אונד דאס פעט פון דעם פריד־אפפער׃
65 אונד שְׁלֹמֹה האט געמאכט אין דער דאזיגער צייט א פייערטאג, אונד גאנץ יִשְׂרָאֵל מיט איהם, א גרויסע פערזאמלונג, פון דער גרענעצן אן חֲמָת ביז צו דעם טייך פון מִצְרַיִם, פאר דעם האר אונזער גאט, זיבען טעג, אונד נאך זיבען טעג, פירצעהן טעג׃
66 אונד אין דעם אכטען טאג האט ער דאס פאלק אוועקגעשיקט, אונד זייא האבען דעם מֶלֶךְ געבענשט

הַמֶּלֶךְ וַיֵּלְכוּ לְאָהֳלֵיהֶם שְׂמֵחִים וְטוֹבֵי לֵב עַל כָּל־הַטּוֹבָה
אֲשֶׁר עָשָׂה יְהוָה לְדָוִד עַבְדּוֹ וּלְיִשְׂרָאֵל עַמּוֹ׃

ט

א וַיְהִי כְּכַלּוֹת שְׁלֹמֹה לִבְנוֹת אֶת־בֵּית־יְהוָה וְאֶת־בֵּית הַמֶּלֶךְ
2 וְאֵת כָּל־חֵשֶׁק שְׁלֹמֹה אֲשֶׁר חָפֵץ לַעֲשׂוֹת׃ וַיֵּרָא
יְהוָה אֶל־שְׁלֹמֹה שֵׁנִית כַּאֲשֶׁר נִרְאָה אֵלָיו בְּגִבְעוֹן׃
3 וַיֹּאמֶר יְהוָה אֵלָיו שָׁמַעְתִּי אֶת־תְּפִלָּתְךָ וְאֶת־תְּחִנָּתְךָ
אֲשֶׁר הִתְחַנַּנְתָּה לְפָנַי הִקְדַּשְׁתִּי אֶת־הַבַּיִת הַזֶּה אֲשֶׁר
בָּנִתָה לָשׂוּם־שְׁמִי שָׁם עַד־עוֹלָם וְהָיוּ עֵינַי וְלִבִּי שָׁם כָּל־
4 הַיָּמִים׃ וְאַתָּה אִם־תֵּלֵךְ לְפָנַי כַּאֲשֶׁר הָלַךְ דָּוִד אָבִיךָ
בְּתָם־לֵבָב וּבְיֹשֶׁר לַעֲשׂוֹת כְּכֹל אֲשֶׁר צִוִּיתִיךָ חֻקַּי וּמִשְׁפָּטַי
ה תִּשְׁמֹר׃ וַהֲקִמֹתִי אֶת־כִּסֵּא מַמְלַכְתְּךָ עַל־יִשְׂרָאֵל לְעֹלָם
כַּאֲשֶׁר דִּבַּרְתִּי עַל־דָּוִד אָבִיךָ לֵאמֹר לֹא־יִכָּרֵת לְךָ אִישׁ
6 מֵעַל כִּסֵּא יִשְׂרָאֵל׃ אִם־שׁוֹב תְּשֻׁבוּן אַתֶּם וּבְנֵיכֶם מֵאַחֲרַי
וְלֹא תִשְׁמְרוּ מִצְוֹתַי חֻקֹּתַי אֲשֶׁר נָתַתִּי לִפְנֵיכֶם וַהֲלַכְתֶּם
7 וַעֲבַדְתֶּם אֱלֹהִים אֲחֵרִים וְהִשְׁתַּחֲוִיתֶם לָהֶם׃ וְהִכְרַתִּי
אֶת־יִשְׂרָאֵל מֵעַל פְּנֵי הָאֲדָמָה אֲשֶׁר נָתַתִּי לָהֶם וְאֶת־
הַבַּיִת אֲשֶׁר הִקְדַּשְׁתִּי לִשְׁמִי אֲשַׁלַּח מֵעַל פָּנָי וְהָיָה
8 יִשְׂרָאֵל לְמָשָׁל וְלִשְׁנִינָה בְּכָל־הָעַמִּים׃ וְהַבַּיִת הַזֶּה יִהְיֶה
עֶלְיוֹן כָּל־עֹבֵר עָלָיו יִשֹּׁם וְשָׁרָק וְאָמְרוּ עַל־מֶה עָשָׂה
9 יְהוָה כָּכָה לָאָרֶץ הַזֹּאת וְלַבַּיִת הַזֶּה׃ וְאָמְרוּ עַל אֲשֶׁר
עָזְבוּ אֶת־יְהוָה אֱלֹהֵיהֶם אֲשֶׁר הוֹצִיא אֶת־אֲבֹתָם מֵאֶרֶץ
מִצְרַיִם וַיַּחֲזִקוּ בֵּאלֹהִים אֲחֵרִים וַיִּשְׁתַּחֲוֻ לָהֶם וַיַּעַבְדֻם
עַל־כֵּן הֵבִיא יְהוָה עֲלֵיהֶם אֵת כָּל־הָרָעָה הַזֹּאת׃
י וַיְהִי מִקְצֵה עֶשְׂרִים שָׁנָה אֲשֶׁר־בָּנָה שְׁלֹמֹה אֶת־שְׁנֵי
11 הַבָּתִּים אֶת־בֵּית יְהוָה וְאֶת־בֵּית הַמֶּלֶךְ׃ חִירָם מֶלֶךְ־צֹר
נִשָּׂא אֶת־שְׁלֹמֹה בַּעֲצֵי אֲרָזִים וּבַעֲצֵי בְרוֹשִׁים וּבַזָּהָב

אוּנְד זֶענֶען גֶעגַאנְגֶען צוּ זַיירֶע גֶעצֶעלְטֶען פְרֵיילִיךְ, אוּנְד מִיט גוּטֶען מוּטְה אִיבֶּער אַלֶעם גוּטֶען וָואס דֶער הַאר הָאט גֶעטְהוּן צוּ זַיין קְנֶעכְט, צוּ דָוִד, אוּנְד צוּ זַיין פָאלְק יִשְׂרָאֵל:

## קאַפִּיטֶעל ט

1 אוּנְד עֶס אִיז גֶעשֶׁעהֶען וֶוען שְׁלֹמֹה הָאט גֶעעֶנְדִיגְט צוּ בּוֹיעֶן דָאס הוֹיז פוּן דֶעם הַאר, אוּנְד דָאס הוֹיז פוּן דֶעם מֶלֶךְ, אוּנְד דָאס גַאנְצֶע בֶּעגֶעהְר פוּן שְׁלֹמֹה וָואס עֶר הָאט גֶעוָואלְט מַאכֶען: 2 אַזוֹי הָאט זִיךְ דֶער הַאר בֶּעוִויזֶען צוּ שְׁלֹמֹה דָאס צְוֵוייטֶע מָאל, אַזוֹי וִויא עֶר הָאט זִיךְ בֶּעוִויזֶען צוּ אִיהְם אִין גִבְעוֹן: 3 אוּנְד דֶער הַאר הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, אִיךְ הָאבּ גֶעהֶערְט דַיין גֶעבֶּעט, אוּנְד דַיין גֶעוויין, וָואס דוּא הָאסְט פָאר מִיר גֶעבֶּעטֶען, אִיךְ הָאבּ דָאס דָאזִיגֶע הוֹיז גֶעהֵיילִיגְט וָואס דוּא הָאסְט גֶעבּוֹיט, דָארְטֶען מֵיין נָאמֶען צוּ טְהוּן אוֹיף אֵייבִּיג, אוּנְד מֵיינֶע אוֹיגֶען אוּנְד מֵיין הַארְץ וֶועלֶען דָארְטֶען זַיין אַלֶע טֶעג:

4 אוּנְד דוּא, וֶוען דוּא וֶועסְט גֵיין פָאר מִיר וִויא דֵיין פָאטֶער דָוִד אִיז גֶעגַאנְגֶען מִיט אַ רֶעכְטְשַׁאפֶענֶעם הַארְץ, אוּנְד מִיט רֶעכְטְפֶערְטִיגְקֵייט, צוּ טְהוּן אַלֶעם וָואס אִיךְ הָאבּ דִיר גֶעבָּאטֶען, אוּנְד וֶועסְט הִיטֶען מֵיינֶע גֶעזֶעץ אוּנְד מֵיינֶע מִצְוֹת: 5 אַזוֹי וֶועל אִיךְ בֶּעשְׁטֶעטִיגֶען דֶעם שְׁטוּהְל פוּן דֵיין קֶענִיגְרֵייךְ אִיבֶּער יִשְׂרָאֵל אוֹיף אֵייבִּיג, אַזוֹי וִויא אִיךְ הָאבּ צוּגֶעזָאגְט צוּ דֵיין פָאטֶער דָוִד, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, עֶס וֶועט דִיר נִיט פֶערשְׁנִיטֶען וֶוערֶען אַ מַאן פוּן דֶעם שְׁטוּהְל פוּן יִשְׂרָאֵל: 6 אוּנְד וֶוען אִיהְר אוּנְד אֵיירֶע קִינְדֶער וֶועלֶען זִיךְ אָפְּקֶעהְרֶען פוּן מִיר, אוּנְד אִיהְר וֶועט נִיט הִיטֶען מֵיינֶע מִצְוֹת, אוּנְד מֵיינֶע גֶעזֶעץ וָואס אִיךְ הָאבּ פָאר אֵייךְ גֶעגֶעבֶּען, נֵייעֶרְט אִיהְר וֶועט גֵיין אוּנְד אִיהְר וֶועט דִינֶען פְרֶעמְדֶע גֶעטֶער, אוּנְד אִיהְר וֶועט אֵייךְ צוּ זֵייא בִּיקֶען: 7 אַזוֹי וֶועל אִיךְ פֶערְטִילְגֶען יִשְׂרָאֵל פוּן דֶעם לַאנְד, וָואס אִיךְ הָאבּ צוּ זֵייא גֶעגֶעבֶּען, אוּנְד דָאס הוֹיז וָואס אִיז גֶעהֵיילִיגְט צוּ מֵיין נָאמֶען וֶועל אִיךְ פֶערְוַוארְפֶען פוּן מֵיין אָנְגֶעזִיכְט, אוּנְד יִשְׂרָאֵל וֶועט זַיין צוּ אַ מָשָׁל, אוּנְד צוּ אַ בֵּיישְׁפִּיל, אוּנְטֶער אַלֶע פֶעלְקֶער: 8 אוּנְד דָאס דָאזִיגֶע הוֹיז וָואס אִיז דֶערְהוֹיבֶּען, אִיטְלִיכֶער וָואס וֶועט פַארְבֵּייגֵיין וֶועט זִיךְ וְואוּנְדֶערֶען, אוּנְד צִישֶׁען (שְׁמוּצֶען) אוּנְד זֵייא וֶועלֶען זָאגֶען, פַארְוָואס הָאט דֶער הַאר אַזוֹי גֶעטְהוּן צוּ דֶעם דָאזִיגֶען לַאנְד, אוּנְד צוּ דֶעם דָאזִיגֶען הוֹיז? 9 אַזוֹי וֶועט מֶען זָאגֶען, ווייל זֵייא הָאבֶּען פֶערְלָאזֶען דֶעם הַאר, זֵייעֶר גָאט, וָואס עֶר הָאט זֵיירֶע עֶלְטֶערְן אַרוֹיסְגֶעפִיהְרְט פוּן דֶעם לַאנְד מִצְרַיִם, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אָנְגֶענוּמֶען פְרֶעמְדֶע גֶעטֶער, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זִיךְ גֶעבּוּקְט צוּ זֵייא, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען צוּ זֵייא גֶעדִינְט, דַארִיבֶּער הָאט דֶער הַאר אִיבֶּער זֵייא גֶעבְּרַאכְט דִיא דָאזִיגֶע גַאנְצֶע בֵּייזְהֵייט: 10 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אַם עֶנְדֶע פוּן צְוַואנְצִיג יָאהְר, דָאס שְׁלֹמֹה הָאט גֶעבּוֹיט דִיא צְוֵוייא הֵייזֶער—דָאס הוֹיז פוּן דֶעם הַאר אוּנְד דָאס הוֹיז פוּן דֶעם מֶלֶךְ: 11 אוּנְד צוּ וֶועלְכֶע חִירָם דֶער מֶלֶךְ פוּן צוֹר הָאט אוּנְטֶער־שְׁטִיצְט שְׁלֹמֹה'ן מִיט צֶעדֶער־בּוֹימֶער, אוּנְד מִיט טֶענֶען־בּוֹימֶער, אוּנְד מִיט גָאלְד,

נאך

לְכָל־חֶפְצוֹ אָז יִתֵּן הַמֶּלֶךְ שְׁלֹמֹה לְחִירָם עֶשְׂרִים עִיר
12 בְּאֶרֶץ הַגָּלִיל׃ וַיֵּצֵא חִירָם מִצֹּר לִרְאוֹת אֶת־הֶעָרִים
13 אֲשֶׁר נָתַן־לוֹ שְׁלֹמֹה וְלֹא יָשְׁרוּ בְּעֵינָיו׃ וַיֹּאמֶר מָה
הֶעָרִים הָאֵלֶּה אֲשֶׁר־נָתַתָּה לִּי אָחִי וַיִּקְרָא לָהֶם אֶרֶץ
14 כָּבוּל עַד הַיּוֹם הַזֶּה׃ וַיִּשְׁלַח חִירָם לַמֶּלֶךְ מֵאָה
טו וְעֶשְׂרִים כִּכַּר זָהָב׃ וְזֶה דְבַר־הַמַּס אֲשֶׁר־הֶעֱלָה ׀ הַמֶּלֶךְ
שְׁלֹמֹה לִבְנוֹת אֶת־בֵּית יְהוָה וְאֶת־בֵּיתוֹ וְאֶת־הַמִּלּוֹא וְאֵת
16 חוֹמַת יְרוּשָׁלִָם וְאֶת־חָצֹר וְאֶת־מְגִדּוֹ וְאֶת־גָּזֶר׃ פַּרְעֹה
מֶלֶךְ־מִצְרַיִם עָלָה וַיִּלְכֹּד אֶת־גֶּזֶר וַיִּשְׂרְפָהּ בָּאֵשׁ וְאֶת־
הַכְּנַעֲנִי הַיֹּשֵׁב בָּעִיר הָרָג וַיִּתְּנָהּ שִׁלֻּחִים לְבִתּוֹ אֵשֶׁת
17 18 שְׁלֹמֹה׃ וַיִּבֶן שְׁלֹמֹה אֶת־גֶּזֶר וְאֶת־בֵּית חֹרֹן תַּחְתּוֹן׃ וְאֶת־
19 בַּעֲלָת וְאֶת־תַּמֹר בַּמִּדְבָּר בָּאָרֶץ׃ וְאֵת כָּל־עָרֵי הַמִּסְכְּנוֹת
אֲשֶׁר הָיוּ לִשְׁלֹמֹה וְאֵת עָרֵי הָרֶכֶב וְאֵת עָרֵי הַפָּרָשִׁים
וְאֵת ׀ חֵשֶׁק שְׁלֹמֹה אֲשֶׁר חָשַׁק לִבְנוֹת בִּירוּשָׁלִַם וּבַלְּבָנוֹן
כ וּבְכֹל אֶרֶץ מֶמְשַׁלְתּוֹ׃ כָּל־הָעָם הַנּוֹתָר מִן־הָאֱמֹרִי הַחִתִּי
הַפְּרִזִּי הַחִוִּי וְהַיְבוּסִי אֲשֶׁר לֹא־מִבְּנֵי יִשְׂרָאֵל הֵמָּה׃
21 בְּנֵיהֶם אֲשֶׁר נֹתְרוּ אַחֲרֵיהֶם בָּאָרֶץ אֲשֶׁר לֹא־יָכְלוּ בְּנֵי
יִשְׂרָאֵל לְהַחֲרִימָם וַיַּעֲלֵם שְׁלֹמֹה לְמַס־עֹבֵד עַד הַיּוֹם
22 הַזֶּה׃ וּמִבְּנֵי יִשְׂרָאֵל לֹא־נָתַן שְׁלֹמֹה עָבֶד כִּי־הֵם אַנְשֵׁי
הַמִּלְחָמָה וַעֲבָדָיו וְשָׂרָיו וְשָׁלִשָׁיו וְשָׂרֵי רִכְבּוֹ וּפָרָשָׁיו׃
23 אֵלֶּה ׀ שָׂרֵי הַנִּצָּבִים אֲשֶׁר עַל־הַמְּלָאכָה לִשְׁלֹמֹה
חֲמִשִּׁים וַחֲמֵשׁ מֵאוֹת הָרֹדִים בָּעָם הָעֹשִׂים בַּמְּלָאכָה׃
24 אַךְ בַּת־פַּרְעֹה עָלְתָה מֵעִיר דָּוִד אֶל־בֵּיתָהּ אֲשֶׁר בָּנָה־
כה לָהּ אָז בָּנָה אֶת־הַמִּלּוֹא׃ וְהֶעֱלָה שְׁלֹמֹה שָׁלֹשׁ פְּעָמִים
בַּשָּׁנָה עֹלוֹת וּשְׁלָמִים עַל־הַמִּזְבֵּחַ אֲשֶׁר בָּנָה לַיהוָה
26 וְהַקְטֵיר אִתּוֹ אֲשֶׁר לִפְנֵי יְהוָה וְשִׁלַּם אֶת־הַבָּיִת׃ וָאֳנִי
עָשָׂה הַמֶּלֶךְ שְׁלֹמֹה בְּעֶצְיוֹן־גֶּבֶר אֲשֶׁר אֶת־אֵלוֹת עַל־

נאך זיין גאנצען בעגעהר—דענסמאל
האט דער קעניג שלמה געגעבען צו
חירם צוואנציג שטעט אין דעם לאנד
גליל: 12 אונד חירם איז ארויסגעגאנ־
גען פון צר צו זעהען דיא שטעט וואס
שלמה האט איהם געגעבען, אבער זייא
זענען ניט געפעלען אין זיינע אויגען:
13 אונד ער האט געזאגט, וואס זענען
דיא דאזיגע שטעט וואס דוא האסט מיר
געגעבען, מיין ברודער? אונד ער האט
זייא גערופען דאס לאנד כבול ביז צו
דעם היינטיגען טאג: 14 אונד חירם
האט געשיקט צו דעם קעניג הונדערט
אונד צוואנציג צענטנער גאלד: 15 אונד
דאס איז דיא ארדנונג פון דעם שטייער
וואס דער קעניג שלמה האט אויפגעלייגט
צו בויען דאס הויז פון דעם האר אונד זיין
הויז, אונד מלוא, אונד דיא מויער ארום
ירושלים, אונד חצור אונד מגדו, אונד
גזר: 16 ווארין פרעה דער קעניג פון
מצרים איז ארויפגעגאנגען, אונד האט
איינגענומען גזר, אונד ער האט זיא
פערברענט מיט פייער, אונד דעם כנעני
וואס וואוינט אין דער שטאט האט ער געטייט, אונד ער האט זיא אפגעגעבען אלס
א געשענק צו זיינע טאכטער, דאס ווייב פון שלמה: 17 אזוי האט שלמה געבויט
גזר, אונד דאס נידריגע בית חרן: 18 אונד בעלת אונד תדמור אין דער מדבר, אין
דעם לאנד: 19 אונד אלע פארראטס־שטעט וואס איז געוועזען צו שלמה, אונד דיא
שטעט פאר דיא רייטער, אונד דיא לוסט פון שלמה וואס ער האט געגלוסט צו
בויען אין ירושלים אונד אין לבנון, אונד אין דעם גאנצען לאנד פון זיינע
הערשאפט: 20 דאס גאנצע פאלק וואס זענען איבערגעבליבען פון דעם אמרי, דעם
חתי, דעם פרזי, דעם חוי, אונד דעם יבוסי, וואס זענען ניט פון דיא קינדער ישראל:
21 אונד זייערע קינדער וואס זענען איבערגעבליבען נאך זייא אין דעם לאנד, וואס
דיא קינדער ישראל האבען זייא ניט געקענט פערטילגען, זייא האט שלמה געמאכט
צו צינז־קנעכט ביז דעם היינטיגען טאג: 22 אבער פון דיא קינדער ישראל האט
שלמה ניט געמאכט קיין קנעכט, ווארין זייא זענען געוועזען מלחמה־לייט אונד זיינע
קנעכט, אונד זיינע פירשטען, אונד זיינע הויפטלייט, אונד דיא אויבערשטע איבער
זיינע רייטוועגען אונד רייטער: 23 דיא דאזיגע זענען געוועזען דיא הויפטלייט צו
שלמה איבער דער ארבייט, פינף הונדערט אונד פופציג וואס האבען געהערשט
איבער דעם פאלק וואס טהון דיא ארבייט: 24 אונד ווען פרעה'ס טאכטער
איז ארויסגעגאנגען פון דוד'ס שטאט צו איהר הויז וואס ער האט איהר געבויט,
האט ער דענסמאל געבויט מלוא: 25 אונד שלמה האט מקריב געוועזען
דרייא מאל אים יאהר קרבן עולות אונד שלמים, אויף דעם מזבח וואס ער
האט געבויט צו דעם האר, אונד ער האט אויף איהם מקטיר געוועזען צו דעם
האר; אונד אזוי האט ער געענדיגט דאס הויז: 26 אונד א שיף האט דער
קעניג שלמה געמאכט אין עציון גבר, וואס איז בייא אלות, אן דעם

27 שְׂפַת יַם־סוּף בְּאֶרֶץ אֱדוֹם׃ וַיִּשְׁלַח חִירָם בָּאֳנִי אֶת־עֲבָדָיו
28 אַנְשֵׁי אֳנִיּוֹת יֹדְעֵי הַיָּם עִם עַבְדֵי שְׁלֹמֹה׃ וַיָּבֹאוּ אוֹפִירָה
וַיִּקְחוּ מִשָּׁם זָהָב אַרְבַּע־מֵאוֹת וְעֶשְׂרִים כִּכָּר וַיָּבִאוּ אֶל־
הַמֶּלֶךְ שְׁלֹמֹה׃

י

א וּמַלְכַּת־שְׁבָא שֹׁמַעַת אֶת־שֵׁמַע שְׁלֹמֹה לְשֵׁם יְהוָה וַתָּבֹא
2 לְנַסֹּתוֹ בְּחִידוֹת׃ וַתָּבֹא יְרוּשָׁלְַמָה בְּחַיִל כָּבֵד מְאֹד גְּמַלִּים
נֹשְׂאִים בְּשָׂמִים וְזָהָב רַב־מְאֹד וְאֶבֶן יְקָרָה וַתָּבֹא אֶל
3 שְׁלֹמֹה וַתְּדַבֵּר אֵלָיו אֵת כָּל־אֲשֶׁר הָיָה עִם־לְבָבָהּ׃ וַיַּגֶּד־
לָהּ שְׁלֹמֹה אֶת־כָּל־דְּבָרֶיהָ לֹא־הָיָה דָּבָר נֶעְלָם מִן־הַמֶּלֶךְ
4 אֲשֶׁר לֹא הִגִּיד לָהּ׃ וַתֵּרֶא מַלְכַּת־שְׁבָא אֵת כָּל־חָכְמַת
ה שְׁלֹמֹה וְהַבַּיִת אֲשֶׁר בָּנָה׃ וּמַאֲכַל שֻׁלְחָנוֹ וּמוֹשַׁב עֲבָדָיו
וּמַעֲמַד מְשָׁרְתָו וּמַלְבֻּשֵׁיהֶם וּמַשְׁקָיו וְעֹלָתוֹ אֲשֶׁר יַעֲלֶה
6 בֵּית יְהוָה וְלֹא־הָיָה בָהּ עוֹד רוּחַ׃ וַתֹּאמֶר אֶל־הַמֶּלֶךְ
אֱמֶת הָיָה הַדָּבָר אֲשֶׁר שָׁמַעְתִּי בְּאַרְצִי עַל־דְּבָרֶיךָ וְעַל־
7 חָכְמָתֶךָ׃ וְלֹא־הֶאֱמַנְתִּי לַדְּבָרִים עַד אֲשֶׁר־בָּאתִי וַתִּרְאֶינָה
עֵינַי וְהִנֵּה לֹא־הֻגַּד־לִי הַחֵצִי הוֹסַפְתָּ חָכְמָה וָטוֹב אֶל־
8 הַשְּׁמוּעָה אֲשֶׁר שָׁמָעְתִּי׃ אַשְׁרֵי אֲנָשֶׁיךָ אַשְׁרֵי עֲבָדֶיךָ
9 אֵלֶּה הָעֹמְדִים לְפָנֶיךָ תָּמִיד הַשֹּׁמְעִים אֶת־חָכְמָתֶךָ׃ יְהִי
יְהוָה אֱלֹהֶיךָ בָּרוּךְ אֲשֶׁר חָפֵץ בְּךָ לְתִתְּךָ עַל־כִּסֵּא יִשְׂרָאֵל
בְּאַהֲבַת יְהוָה אֶת־יִשְׂרָאֵל לְעֹלָם וַיְשִׂימְךָ לְמֶלֶךְ לַעֲשׂוֹת
מִשְׁפָּט וּצְדָקָה׃ וַתִּתֵּן לַמֶּלֶךְ מֵאָה וְעֶשְׂרִים ׀ כִּכַּר זָהָב
וּבְשָׂמִים הַרְבֵּה מְאֹד וְאֶבֶן יְקָרָה לֹא בָא כַבֹּשֶׂם הַהוּא
11 עוֹד לָרֹב אֲשֶׁר־נָתְנָה מַלְכַּת־שְׁבָא לַמֶּלֶךְ שְׁלֹמֹה׃ וְגַם
אֳנִי חִירָם אֲשֶׁר־נָשָׂא זָהָב מֵאוֹפִיר הֵבִיא מֵאֹפִיר עֲצֵי
12 אַלְמֻגִּים הַרְבֵּה מְאֹד וְאֶבֶן יְקָרָה׃ וַיַּעַשׂ הַמֶּלֶךְ אֶת־עֲצֵי
הָאַלְמֻגִּים מִסְעָד לְבֵית־יְהוָה וּלְבֵית הַמֶּלֶךְ וְכִנֹּרוֹת

בְּרֶעג פוּן דֶעם יַם סוּף אִין דֶעם לַאנְד אֱדוֹם׃ 27 אוּנְד חִירָם הָאט גֶעשִׁיקְט מִיט דֶעם שִׁיף מִיט שְׁלֹמֹה'ס קְנֶעכְט זַיינֶע קְנֶעכְט, שִׁיפְס־לֵייט וָואס קֶענֶען דָאס יַם׃ 28 אוּנְד זַייא זֶענֶען גֶעקוּמֶען קַיין אוֹפִירָה, אוּנְד זַייא הָאבֶּען פוּן דָארְט גֶענוּמֶען פִיר הוּנְדֶערְט אוּנְד צְוַואנְצִיג צֶענְטְנֶער גָאלְד, אוּנְד זַייא הָאבֶּען עֶס גֶעבְּרַאכְט צוּ דֶעם קֶענִיג שְׁלֹמֹה׃

## קאפיטעל י

1 אוּנְד וֶוען דִיא מַלְכָּה פוּן שְׁבָא הָאט גֶעהֶערְט דֶעם שֵׁם פוּן שְׁלֹמֹה וֶועגֶען דֶעם נָאמֶען פוּן דֶעם הַאר, אַזוֹי אִיז זִיא גֶעקוּמֶען אִיהם צוּ פְּרִיפֶען דוּרְךְ רֶעטְזֶעל׃ 2 אוּנְד זִיא אִיז גֶעקוּמֶען קַיין יְרוּשָׁלַיִם מִיט אַ זֶעהְר גְרוֹיסֶען חַיִל, קֶעמֶעל וָואס טְרָאגֶען גֶעווִירְץ, אוּנְד זֶעהְר פִיל גָאלְד אוּנְד עֶדֶעלְשְׁטֵיינֶער, אוּנְד זִיא אִיז גֶעקוּמֶען צוּ שְׁלֹמֹה'ן אוּנְד זִיא הָאט צוּ אִיהם גֶערֶעט אַלֶעס וָואס אִיז בַּייא אִיהר גֶעוֶועזֶען אִין דֶעם הַארְץ׃ 3 אוּנְד שְׁלֹמֹה הָאט אִיהר גֶעזָאגְט אַלֶע אִיהְרֶע רֵייד, עֶס אִיז נִיט גֶעוֶועזֶען אֵיין זַאךְ פֶערְבָּארְגֶען פוּן דֶעם קֶענִיג וָואס עֶר הָאט נִיט צוּ אִיהר גֶעזָאגְט׃ 4 אוּנְד דִיא מַלְכָּה פוּן שְׁבָא הָאט גֶעזֶעהֶען דִיא גַאנְצֶע חָכְמָה פוּן שְׁלֹמֹה, אוּנְד דָאס הוֹיז וָואס עֶר הָאט גֶעבּוֹיט׃ 5 אוּנְד דִיא שְׁפֵּייז פוּן זַיין טִישׁ, אוּנְד דִיא ווָאוֹינוּנְג פוּן זַיינֶע קְנֶעכְט, אוּנְד דִיא אָרְדְנוּנְג פוּן זַיינֶע דִינֶער, אוּנְד זַייעֶרֶע קְלֵיידֶער, אוּנְד זַיין גֶעטְרַאנְק, אוּנְד זַיינֶע עוֹלוֹת וָואס עֶר אוֹיפְבְּרֶענְגְט אִין דֶעם הוֹיז פוּן דֶעם הַאר, אוּנְד עֶס אִיז אִין אִיהר נִיט מֶעהְר קֵיין גֵייסְט גֶעבְּלִיבֶּען׃ 6 אוּנְד זִיא הָאט גֶעזָאגְט צוּ דֶעם קֶענִיג, דִיא זַאךְ אִיז אֱמֶת גֶעוֶועזֶען, וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעהֶערְט אִין מֵיין לַאנְד וֶועגֶען דִיר, אוּנְד וֶועגֶען דֵיינֶע חָכְמָה׃ 7 אוּנְד אִיךְ הָאבּ דִיא זַאכֶען נִיט גֶעגְלוֹיבְּט, בִּיז אִיךְ בִּין גֶעקוּמֶען אוּנְד מֵיינֶע אוֹיגֶען הָאבֶּען עֶס גֶעזֶעהֶען, אוּנְד זֶעה דִיא הֶעלְפְט אִיז מִיר נִיט גֶעזָאגְט גֶעוָוארֶען, דוּא הָאסְט מֶעהְר חָכְמָה אוּנְד גוּטֶעס, ווִיא דֶער בֶּע־רִיכְט וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעהֶערְט׃ 8 גֶעבֶּענְשְׁט זֶענֶען דֵיינֶע לֵייט, גֶעבֶּענְשְׁט זֶענֶען דִיא דָאזִיגֶע דֵיינֶע קְנֶעכְט, וָואס שְׁטֵייעֶן פָאר דִיר שְׁטֶענְדִיג, וָואס הֶערֶען דֵיינֶע חָכְמָה׃ 9 גֶעבֶּענְשְׁט זָאל זַיין דֶער הַאר דֵיין גָאט, וָואס עֶר הָאט אִין דִיר בֶּעגֶעהְרְט, כְּדֵי דִיךְ צוּ זֶעצֶען אוֹיף דֶעם שְׁטוּהל פוּן יִשְׂרָאֵל, ווַייל דֶער הַאר הָאט יִשְׂרָאֵל לִיבּ אֵייבִּיג, אַזוֹי הָאט עֶר דִיךְ גֶעמַאכְט פַאר אַ מֶלֶךְ, צוּ טְהוּן מִשְׁפָּט אוּנְד גֶערֶעכְטִיגְקֵייט׃ 10 אוּנְד זִיא הָאט גֶעגֶעבֶּען צוּ דֶעם קֶענִיג הוּנְדֶערְט אוּנְד צְוַואנְצִיג צֶענְטְנֶער גָאלְד, אוּנְד זֶעהְר פִיל גֶעווִירְץ, אוּנְד עֶדֶעלְשְׁטֵיינֶער, עֶס אִיז נִיט מֶעהְר גֶעקוּמֶען אַזוֹי פִיל גֶעווִירְץ ווִיא דִיא מַלְכָּה פוּן שְׁבָא הָאט גֶעגֶעבֶּען צוּ שְׁלֹמֹה׃ 11 אוּנְד אוֹיךְ חִירָם'ס שִׁיף וָואס הָאט גֶעטְרָאגֶען גָאלְד פוּן אוֹפִיר, הָאט פוּן אוֹפִיר גֶעבְּרַאכְט זֶעהְר פִיל קָארַאלֶען־הָאלְץ אוּנְד עֶדֶעל־שְׁטֵיינֶער׃ 12 אוּנְד דֶער מֶלֶךְ הָאט גֶעמַאכְט פוּן דֶעם קָארַאלֶען־הָאלְץ אַ גֶעלֶענְדֶער צוּ דֶעם הוֹיז פוּן דֶעם הַאר, אוּנְד צוּ דֶעם הוֹיז פוּן דֶעם מֶלֶךְ, אוּנְד הַארְפֶען אוּנְד

ונבלים לשרים לא־בא כן עצי אלמגים ולא נראה עד
היום הזה: והמלך שלמה נתן למלכת־שבא את־כל־ 13
חפצה אשר שאלה מלבד אשר נתן־לה כיד המלך
שלמה ותפן ותלך לארצה היא ועבדיה: ויהי 14
משקל הזהב אשר־בא לשלמה בשנה אחת שש מאות
ששים ושש ככר זהב: לבד מאנשי התרים ומסחר טו
הרכלים וכל־מלכי הערב ופחות הארץ: ויעש המלך 16
שלמה מאתים צנה זהב שחוט שש־מאות זהב יעלה
על־הצנה האחת: ושלש־מאות מגנים זהב שחוט 17
שלשת מנים זהב יעלה על־המגן האחת ויתנם המלך
בית יער הלבנון: ויעש המלך כסא־שן גדול ויצפהו 18
זהב מופז: שש מעלות לכסה וראש עגל לכסה 19
מאחריו וידת מזה ומזה אל־מקום השבת ושנים אריות
עמדים אצל הידות: ושנים עשר אריים עמדים שם כ
על־שש המעלות מזה ומזה לא־נעשה כן לכל־ממלכות:
וכל כלי משקה המלך שלמה זהב וכל כלי בית־יער 21
הלבנון זהב סגור אין כסף לא נחשב בימי שלמה
למאומה: כי אני תרשיש למלך בים עם אני חירם 22
אחת לשלש שנים תבוא | אני תרשיש נשאת זהב וכסף
שנהבים וקפים ותכיים: ויגדל המלך שלמה מכל 23
מלכי הארץ לעשר ולחכמה: וכל־הארץ מבקשים את־ 24
פני שלמה לשמע את־חכמתו אשר־נתן אלהים בלבו:
והמה מביאים איש־מנחתו כלי־כסף וכלי זהב ושלמות כה
ונשק ובשמים סוסים ופרדים דבר־שנה בשנה:
ויאסף שלמה רכב ופרשים ויהי־לו אלף וארבע־מאות 26
רכב ושנים־עשר אלף פרשים וינחם בערי הרכב ועם־
המלך בירושלם: ויתן המלך את־הכסף בירושלם 27

פליטען פאר דיא זינגער, עס איז אזוי
פיל קאראלען־האלץ ניט געקומען אונד
עס איז ניט געזעהען געווארען ביז צו
דעם היינטיגען טאג: 13 אונד דער מלך
שלמה האט געגעבען צו דער מלכה
פון שבא איהר גאנצעס בעגעהר, וואס
זיא האט פערלאנגט, חוץ דעם וואס ער
האט איהר געגעבען נאך דער מעגליכ־
קייט פון דעם קעניג שלמה, אונד זיא
האט זיך אומגעקעהרט אונד איז אוועק־
געגאנגען צו איהר לאנד מיט איהרע
קנעכט: 14 אונד דאס געוויכט פון דעם
גאלד וואס איז געקומען צו שלמה אין
איין יאהר איז געוועזען זעקס הונדערט
אונד זעקס אונד זעכציג צענטנער גאלד:
15 חוץ דעם פון דיא ארומגייענדע
קרעמער אונד האנדעל פון דיא קויפ־
לייט, אונד פון אלע אראבישע מלכים
אונד דיא שטאט־האלטערס פון דעם
לאנד: 16 אונד דער קעניג שלמה
האט געמאכט צוויא הונדערט שילדען
פון געשלאגענעם גאלד, זעקס הונדערט
גאלד־שטיק איז ארויפגעגאנגען אויף איין שילד: 17 אונד דרייא הונדערט פאנצער
פון געשלאגענעם גאלד, דרייא מנים גאלד איז ארויפגעגאנגען אויף איין פאנצער,
אונד דער קעניג האט זייא געגעבען אין דעם זאמער הויז פון לבנון: 18 אונד דער
קעניג האט געמאכט א גרויסען שטוהל פון עלעפאנט ביין, אונד ער האט איהם
בעדעקט מיט ריין גאלד: 19 זעקס טרעפען צו דעם שטוהל, אונד דיא שפיץ איז
געוועזען רונדיג פון ביידע זייטען צו דעם שטוהל, אונד צווייא לייבען זענען
געשטאנען בייא דיא זייטען: 20 אונד צוועלף לייבען זענען דארט געשטאנען אויף
דיא זעקס טרעפען פון ביידע זייטען, אונד אזוי איז ניט געמאכט געוועזען צו קיין
קעניגרייך: 21 אונד אלע טרינק געפעס פון דעם קעניג שלמה זענען געוועזען פון
גאלד, אונד אלע כלים אין דעם הויז פון דעם וואלד לבנון זענען געוועזען פון ריין
גאלד, זילבער איז ניט געאכטעט געוועזען אין שלמה'ס צייטען: 22 וואריין דעם מלך'ס
שיף איז געוועזען אין תרשיש אין ים מיט חירם'ס שיף, איין מאל אין דרייא יאהר פלעגט
אנקומען א שיף פון תרשיש וואס האט געטראגען גאלד אונד זילבער, עלעפאנטען אונד
אפפען אונד פפויען: 23 אזוי איז דער קעניג שלמה געוועזען גרעסער פון אלע מלכים
פון דעם לאנד, מיט רייכטהום אונד מיט חכמה: 24 אונד דיא גאנצע וועלט האט
בעגעהרט (צו זעהען) דאס פנים פון שלמה, צו הערען זיינע חכמה וואס גאט האט
געגעבען אין זיין הארץ: 25 אונד זייא האבען געבראכט איטליכער זיין געשענק,
זילבערנע כלים אונד גאלדענע כלים אונד קליידער, וואפען אונד געווירץ, פערד
אונד מויל־אייזעל יאהר פיר יאהר: 26 אונד שלמה האט איינגעזאמעלט רייט־
וועגען אונד רייטער, אונד ער האט געהאט טויזענד אונד פיער הונדערט רייטוועגען
אונד צוועלף טויזענד רייטער, אונד ער האט זייא געלאזט אין דיא וואגענשטעט אונד
בייא דעם קעניג אין ירושלים: 27 אונד דער קעניג האט געגעבען דאס זילבער אין ירושלים

בָּאֲבָנִים וְאֵת הָאֲרָזִים נָתַן כַּשִּׁקְמִים אֲשֶׁר־בַּשְּׁפֵלָה לָרֹב׃
28 וּמוֹצָא הַסּוּסִים אֲשֶׁר לִשְׁלֹמֹה מִמִּצְרָיִם וּמִקְוֵה סֹחֲרֵי
29 הַמֶּלֶךְ יִקְחוּ מִקְוֵה בִּמְחִיר׃ וַתַּעֲלֶה וַתֵּצֵא מֶרְכָּבָה
מִמִּצְרַיִם בְּשֵׁשׁ־מֵאוֹת כֶּסֶף וְסוּס בַּחֲמִשִּׁים וּמֵאָה וְכֵן
לְכָל־מַלְכֵי הַחִתִּים וּלְמַלְכֵי אֲרָם בְּיָדָם יֹצִאוּ׃

יא

א וְהַמֶּלֶךְ שְׁלֹמֹה אָהַב נָשִׁים נָכְרִיּוֹת רַבּוֹת וְאֶת־בַּת־פַּרְעֹה
2 מוֹאֲבִיּוֹת עַמֳּנִיּוֹת אֲדֹמִיֹּת צֵדְנִיֹּת חִתִּיֹּת׃ מִן־הַגּוֹיִם אֲשֶׁר
אָמַר־יְהוָה אֶל־בְּנֵי יִשְׂרָאֵל לֹא־תָבֹאוּ בָהֶם וְהֵם לֹא־
יָבֹאוּ בָכֶם אָכֵן יַטּוּ אֶת־לְבַבְכֶם אַחֲרֵי אֱלֹהֵיהֶם בָּהֶם
3 דָּבַק שְׁלֹמֹה לְאַהֲבָה׃ וַיְהִי־לוֹ נָשִׁים שָׂרוֹת שְׁבַע מֵאוֹת
4 וּפִלַגְשִׁים שְׁלֹשׁ מֵאוֹת וַיַּטּוּ נָשָׁיו אֶת־לִבּוֹ׃ וַיְהִי לְעֵת
זִקְנַת שְׁלֹמֹה נָשָׁיו הִטּוּ אֶת־לְבָבוֹ אַחֲרֵי אֱלֹהִים אֲחֵרִים
וְלֹא־הָיָה לְבָבוֹ שָׁלֵם עִם־יְהוָה אֱלֹהָיו כִּלְבַב דָּוִיד אָבִיו׃
ה וַיֵּלֶךְ שְׁלֹמֹה אַחֲרֵי עַשְׁתֹּרֶת אֱלֹהֵי צִדֹנִים וְאַחֲרֵי מִלְכֹּם
6 שִׁקֻּץ עַמֹּנִים׃ וַיַּעַשׂ שְׁלֹמֹה הָרַע בְּעֵינֵי יְהוָה וְלֹא מִלֵּא
7 אַחֲרֵי יְהוָה כְּדָוִד אָבִיו׃ אָז יִבְנֶה שְׁלֹמֹה בָּמָה
לִכְמוֹשׁ שִׁקֻּץ מוֹאָב בָּהָר אֲשֶׁר עַל־פְּנֵי יְרוּשָׁלִָם וּלְמֹלֶךְ
8 שִׁקֻּץ בְּנֵי עַמּוֹן׃ וְכֵן עָשָׂה לְכָל־נָשָׁיו הַנָּכְרִיּוֹת מַקְטִירוֹת
9 וּמְזַבְּחוֹת לֵאלֹהֵיהֶן׃ וַיִּתְאַנַּף יְהוָה בִּשְׁלֹמֹה כִּי־נָטָה
לְבָבוֹ מֵעִם יְהוָה אֱלֹהֵי יִשְׂרָאֵל הַנִּרְאָה אֵלָיו פַּעֲמָיִם׃
י וְצִוָּה אֵלָיו עַל־הַדָּבָר הַזֶּה לְבִלְתִּי־לֶכֶת אַחֲרֵי אֱלֹהִים
11 אֲחֵרִים וְלֹא שָׁמַר אֵת אֲשֶׁר־צִוָּה יְהוָה׃ וַיֹּאמֶר יְהוָה
לִשְׁלֹמֹה יַעַן אֲשֶׁר הָיְתָה־זֹּאת עִמָּךְ וְלֹא שָׁמַרְתָּ בְּרִיתִי
וְחֻקֹּתַי אֲשֶׁר צִוִּיתִי עָלֶיךָ קָרֹעַ אֶקְרַע אֶת־הַמַּמְלָכָה מֵעָלֶיךָ
12 וּנְתַתִּיהָ לְעַבְדֶּךָ׃ אַךְ־בְּיָמֶיךָ לֹא אֶעֱשֶׂנָּה לְמַעַן דָּוִד
13 אָבִיךָ מִיַּד בִּנְךָ אֶקְרָעֶנָּה׃ רַק אֶת־כָּל־הַמַּמְלָכָה לֹא אֶקְרָע

(אַזוֹי פִיל) ווִיא שְׁטֵיינֶער, אוּנְד דִיא צֶעדֶער הָאט עֶר גֶעגֶעבֶּען אַזוֹי פִיל ווִיא דִיא ווִילְדֶע פֵייגֶענ־בֵּיימֶער וָואס אִיז אִים טְהָאל: 28 אוּנְד דֶער אוֹיסְגַאנְג פוּן שְׁלֹמֹה׳ס פֶערְד אוֹיס מִצְרַיִם, אוּנְד דִיא גֶעזֶעלְשַׁאפְט פוּן דֶעם קֶענִיגְ׳ס קוֹיפְלֵייט הָאבֶּען גֶעבְּרַאכְט דִיא אֵיינְזַאמְלוּנְג פַאר אַ פְּרֵייז: 29 אוּנְד עֶס אִיז אַרוֹיפְגֶעקוּ־מֶען אַ וָואגֶען פוּן מִצְרָיִם פַאר זֶעקְס הוּנְדֶערְט שֶׁקֶל זִילְבֶּער, אוּנְד אַ פֶערְד פַאר הוּנְדֶערְט אוּנְד פוּפְצִיג, אוּנְד אַזוֹי אוֹיךְ פַאר אַלֶע מְלָכִים פוּן חִתִּים, אוּנְד פַאר דִיא מְלָכִים פוּן אֲרָם הָאבֶּען זֵייא גֶעבְּרַאכְט דוּרְךְ זֵיירֶע הַאנְד:

## קאפיטעל יא

1 אוּנְד דֶער קֶענִיג שְׁלֹמֹה הָאט לִיבּ גֶעהַאט פִילֶע פְרֶעמְדֶע ווֵייבֶּער, חוּץ פַּרְעֹה׳ס טָאכְטֶער, פוּן מוֹאָב, פוּן עַמּוֹן, פוּן אֱדוֹם, פוּן צִדוֹן, פוּן חִתִּי: 2 פוּן דִיא דָאזִיגֶע פֶעלְקֶער וָואס דֶער הַאר הָאט גֶעזָאגְט צוּ דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל, אִיהְר זָאלְט נִיט קוּמֶען צוּ זֵייא, אוּנְד זֵייא זָאלֶען נִיט קוּמֶען צוּ אֵייךְ, וָוארִין זֵייא ווֶעלֶען אָפְנֵייגֶען אֵייעֶר הַארְץ צוּ זֵיירֶע גֶעטֶער; אִין זֵייא הָאט זִיךְ שְׁלֹמֹה בֶּעהֶעפְט לִיבּ צוּ הָאבֶּען: 3 אוּנְד עֶר הָאט גֶעהַאט זִיבֶּען הוּנְדֶערְט הוֹיפְטְווֵייבֶּער, אוּנְד דְרֵייא הוּנְדֶערְט קֶעבְּסְווֵייבֶּער, אוּנְד זֵיינֶע ווֵייבֶּער הָאבֶּען אָפְּגֶענֵייגְט זֵיין הַארְץ: 4 אוּנְד עֶס אִיז גֶעווֶעזֶען צוּ דֶער צֵייט פוּן שְׁלֹמֹה׳ס עֶלְטֶער, אַזוֹי הָאבֶּען זֵיינֶע ווֵייבֶּער אָפְּגֶענֵייגְט זֵיין הַארְץ נָאךְ פְרֶעמְדֶע גֶעטֶער, אוּנְד זֵיין הַארְץ אִיז נִיט גֶעווֶעזֶען גַאנְץ מִיט דֶעם הַאר זֵיין גָאט ווִיא דָאס הַארְץ פוּן זֵיין פָאטֶער דָוִד: 5 אוּנְד שְׁלֹמֹה אִיז נָאכְגֶעגַאנְגֶען עַשְׁתֹּרֶת, דִיא גֶעטֶער פוּן דִיא צִדוֹנִים, אוּנְד נָאךְ מִלְכֹּם, דֶעם אָפְּגָאט פוּן עַמּוֹן: 6 אוּנְד שְׁלֹמֹה הָאט גֶעטְהוּן דָאס וָואס אִיז שְׁלֶעכְט אִין דִיא אוֹיגֶען פוּן דֶעם הַאר, אוּנְד עֶר הָאט נִיט גֶעפָאלְגְט דֶעם הַאר ווִיא זֵיין פָאטֶער דָוִד: 7 דֶענְסְמָאל הָאט שְׁלֹמֹה גֶעבּוֹיט אַ בָּמָה צוּ כְּמוֹשׁ, דֶעם אָפְּגָאט פוּן מוֹאָב, אוֹיף דֶעם בַּארְג פוּן יְרוּשָׁלַיִם, אוּנְד צוּ מוֹלֶךְ, דֶעם אָפְּגָאט פוּן דִיא בְּנֵי עַמּוֹן: 8 אוּנְד אַזוֹי הָאט עֶר גֶעטְהוּן צוּ אַלֶע זֵיינֶע פְרֶעמְדֶע ווֵייבֶּער, זֵייא הָאבֶּען גֶערֵייכֶערְט, אוּנְד גֶעשָׁאכְטֶען צוּ זֵיירֶע גֶעטֶער: 9 אוּנְד דֶער הַאר הָאט אִיבֶּער שְׁלֹמֹה גֶעצָארְנְט, וָוארִין עֶר הָאט אָפְּגֶעקֶעהְרְט זֵיין הַארְץ פוּן דֶעם הַאר, דֶעם גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל, וָואס הָאט זִיךְ צוּ אִיהְם צְווֵייא מָאל בֶּעווִיזֶען: 10 אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם גֶעבָּאטֶען ווֶעגֶען דֶער דָאזִיגֶער זַאךְ, אַז עֶר זָאל נִיט נָאכְגֵיין פְרֶעמְדֶע גֶעטֶער, אָבֶּער עֶר הָאט נִיט גֶעהִיט וָואס דֶער הַאר הָאט גֶעבָּאטֶען: 11 אַזוֹי הָאט דֶער הַאר גֶעזָאגְט צוּ שְׁלֹמֹה, ווֵייל דָאס דָאזִיגֶע אִיז בֵּייא דִיר גֶעשֶׁעהֶען, אוּנְד דוּא הָאסְט נִיט גֶעהִיט מֵיין בְּרִית אוּנְד מֵיין גֶעזֶעץ וָואס אִיךְ הָאבּ דִיר גֶעבָּאטֶען, אַזוֹי ווֶעל אִיךְ פוּן דִיר דָאס קֶענִיגְרֵייךְ אָפְּרֵייסֶען, אוּנְד אִיךְ ווֶעל עֶס גֶעבֶּען צוּ דֵיין קְנֶעכְט: 12 נוּר אִין דֵיינֶע טֶעג ווֶעל אִיךְ עֶס נִיט טְהוּן, אוּם דֵיין פָאטֶער דָוִד׳ס ווִילֶען, פוּן דֵיין זוּהְן׳ס הַאנְד ווֶעל אִיךְ עֶס אָפְּרֵייסֶען: 13 אָבֶּער דָאס גַאנְצֶע קֶענִיגְרֵייךְ ווֶעל אִיךְ נִיט אָפְּרֵייסֶען,

איין

שֵׁבֶט אֶחָד אֶתֵּן לִבְנֶךָ לְמַעַן דָּוִד עַבְדִּי וּלְמַעַן יְרוּשָׁלִַם
אֲשֶׁר בָּחָרְתִּי׃ וַיָּקֶם יְהוָה שָׂטָן לִשְׁלֹמֹה אֵת הֲדַד 14
הָאֲדֹמִי מִזֶּרַע הַמֶּלֶךְ הוּא בֶּאֱדוֹם׃ וַיְהִי בִּהְיוֹת דָּוִד טו
אֶת־אֱדוֹם בַּעֲלוֹת יוֹאָב שַׂר הַצָּבָא לְקַבֵּר אֶת־הַחֲלָלִים
וַיַּךְ כָּל־זָכָר בֶּאֱדוֹם׃ כִּי שֵׁשֶׁת חֳדָשִׁים יָשַׁב־שָׁם יוֹאָב 16
וְכָל־יִשְׂרָאֵל עַד־הִכְרִית כָּל־זָכָר בֶּאֱדוֹם׃ וַיִּבְרַח אֲדַד 17
הוּא וַאֲנָשִׁים אֲדֹמִיִּים מֵעַבְדֵי אָבִיו אִתּוֹ לָבוֹא מִצְרָיִם
וַהֲדַד נַעַר קָטָן׃ וַיָּקֻמוּ מִמִּדְיָן וַיָּבֹאוּ פָּארָן וַיִּקְחוּ אֲנָשִׁים 18
עִמָּם מִפָּארָן וַיָּבֹאוּ מִצְרַיִם אֶל־פַּרְעֹה מֶלֶךְ־מִצְרַיִם וַיִּתֶּן
לוֹ בַיִת וְלֶחֶם אָמַר לוֹ וְאֶרֶץ נָתַן לוֹ׃ וַיִּמְצָא הֲדַד חֵן בְּעֵינֵי 19
פַרְעֹה מְאֹד וַיִּתֶּן־לוֹ אִשָּׁה אֶת־אֲחוֹת אִשְׁתּוֹ אֲחוֹת
תַּחְפְּנֵיס הַגְּבִירָה׃ וַתֵּלֶד לוֹ אֲחוֹת תַּחְפְּנֵיס אֵת גְּנֻבַת כ
בְּנוֹ וַתִּגְמְלֵהוּ תַחְפְּנֵס בְּתוֹךְ בֵּית פַּרְעֹה וַיְהִי גְנֻבַת בֵּית
פַּרְעֹה בְּתוֹךְ בְּנֵי פַרְעֹה׃ וַהֲדַד שָׁמַע בְּמִצְרַיִם כִּי־שָׁכַב 21
דָּוִד עִם־אֲבֹתָיו וְכִי־מֵת יוֹאָב שַׂר־הַצָּבָא וַיֹּאמֶר הֲדַד
אֶל־פַּרְעֹה שַׁלְּחֵנִי וְאֵלֵךְ אֶל־אַרְצִי׃ וַיֹּאמֶר לוֹ פַרְעֹה 22
כִּי מָה־אַתָּה חָסֵר עִמִּי וְהִנְּךָ מְבַקֵּשׁ לָלֶכֶת אֶל־אַרְצֶךָ
וַיֹּאמֶר ׀ לֹא כִּי שַׁלֵּחַ תְּשַׁלְּחֵנִי׃ וַיָּקֶם אֱלֹהִים לוֹ שָׂטָן 23
אֶת־רְזוֹן בֶּן־אֶלְיָדָע אֲשֶׁר בָּרַח מֵאֵת הֲדַדְעֶזֶר מֶלֶךְ־
צוֹבָה אֲדֹנָיו׃ וַיִּקְבֹּץ עָלָיו אֲנָשִׁים וַיְהִי שַׂר־גְּדוּד בַּהֲרֹג 24
דָּוִד אֹתָם וַיֵּלְכוּ דַמֶּשֶׂק וַיֵּשְׁבוּ בָהּ וַיִּמְלְכוּ בְּדַמָּשֶׂק׃
וַיְהִי שָׂטָן לְיִשְׂרָאֵל כָּל־יְמֵי שְׁלֹמֹה וְאֶת־הָרָעָה אֲשֶׁר כה
הֲדָד וַיָּקָץ בְּיִשְׂרָאֵל וַיִּמְלֹךְ עַל־אֲרָם׃ וְיָרָבְעָם בֶּן־ 26
נְבָט אֶפְרָתִי מִן־הַצְּרֵדָה וְשֵׁם אִמּוֹ צְרוּעָה אִשָּׁה אַלְמָנָה
עֶבֶד לִשְׁלֹמֹה וַיָּרֶם יָד בַּמֶּלֶךְ׃ וְזֶה הַדָּבָר אֲשֶׁר־הֵרִים 27
יָד בַּמֶּלֶךְ שְׁלֹמֹה בָּנָה אֶת־הַמִּלּוֹא סָגַר אֶת־פֶּרֶץ עִיר
דָּוִד אָבִיו׃ וְהָאִישׁ יָרָבְעָם גִּבּוֹר חָיִל וַיַּרְא שְׁלֹמֹה אֶת־ 28

אײן שֵׁבֶט װעל איך געבען צו דײן
זוהן, אום מײן קנעכט דָוִד'ס װילען,
אונד װעגען יְרוּשָׁלַיִם װאס איך האב
אויסדערװײלט׃ 14 אונד דער האר
האט אויפגעשטעלט צו שְׁלֹמֹה אלס
שָׂטָן דעם הֲדַד פון אֱדוֹם, פון דיא קעניגליכע קינדער װאס איז אין אֱדוֹם׃
15 װארין װען דָוִד איז געװעזען אין
אֱדוֹם, װען דער הויפטמאן יוֹאָב איז
ארויפגעגאנגען צו בעגראבען דיא דער־
שלאגענע, האט ער דערשלאגען אלע
זְכָרִים װאס זענען געװעזען אין אֱדוֹם׃
16 װארין זעקס חֳדָשִׁים איז יוֹאָב דארט
געבליבען מיט גאנץ יִשְׂרָאֵל, ביז ער
האט פערטילגט אלע זְכָרִים אין אֱדוֹם׃
17 אונד אֲדַד איז אנטלאפען מיט
עטליכע מענשען פון זײן פאטער'ס
קנעכט, צו קומען קײן מִצְרַיִם, אונד
הֲדַד איז נאך געװעזען א קלײנער יונג׃
18 אונד זײא זענען אויפגעשטאנען
פון מִדְיָן, אונד זײא זענען געקומען
קײן פָּארָן, אונד זײא האבען מיט זיך
גענומען מענשען פון פָּארָן, אונד זײא
זענען געקומען קײן מִצְרַיִם צו פַּרְעֹה
קעניג פון מִצְרַיִם, אונד ער האט איהם
געגעבען א הויז, אונד שפײז האט ער
איהם צוגעזאגט, אונד האט איהם געגעבען לאנד׃ 19 אונד הֲדַד האט געפונען
חֵן אין דיא אויגען פון פַּרְעֹה, אונד ער האט איהם געגעבען א װײב—זײן
װײב'ס שװעסטער, דיא שװעסטער פון דיא קעניגען תַּחְפְּנֵיס׃ 20 אונד דיא
שװעסטער פון תַּחְפְּנֵיס האט איהם געבוירען זײן זוהן גְנֻבַת, אונד תַּחְפְּנֵיס האט
איהם דערצויגען אין פַּרְעֹה'ס הויז, אונד גְנֻבַת איז געװעזען אין פַּרְעֹה'ס הויז
צװישען דיא קינדער פון פַּרְעֹה׃ 21 אונד װען הֲדַד האט געהערט אין מִצְרַיִם
דאס דָוִד האט זיך געלײגט מיט זײנע עלטערן, אונד אז יוֹאָב דער הויפטמאן
איז געשטארבען, אזוי האט הֲדַד געזאגט צו פַּרְעֹה, שיק מיך אװעק, אונד איך
װעל גײן צו מײן לאנד׃ 22 אזוי האט פַּרְעֹה צו איהם געזאגט, װאס פעהלט
דיר דען בײא מיר, דאס דו פערלאנגסט צו גײן צו דײן לאנד? אבער ער
האט געזאגט, נײן, נײערט דו זאלסט מיך אװעקשיקען׃ 23 אונד גאט האט
איהם אויפגעשטעלט אלס שָׂטָן, רְזוֹן זוהן פון אֶלְיָדָע, װאס איז אנטלאפען פון
זײן האר הֲדַדְעֶזֶר קעניג פון צוֹבָה׃ 24 אונד ער האט צו זיך פערזאמעלט
מענשען, אונד ער איז געװארען א הויפטמאן איבער א. שאאר, װען דָוִד האט
זײא דערשלאגען זענען זײא אװעקגעגאנגען קײן דַמֶּשֶׂק אונד האבען זיך אין
איהר בעזעצט, אונד האבען רעגירט אין דַמֶּשֶׂק׃ 25 אונד ער איז געװעזען
אלס א שָׂטָן צו יִשְׂרָאֵל אלע לעבענס טעג פון שְׁלֹמֹה, אונד אויך דאס שלעכטע
פון הֲדַד (װאס ער האט געטהון) אונד ער האט פערהאסט יִשְׂרָאֵל, אונד ער
האט רעגירט אין אֲרָם׃ 26 אונד יָרָבְעָם בֶּן נְבָט, אײן אֶפְרָתִי פון צְרֵדָה, א
קנעכט פון שְׁלֹמֹה—אונד זײנע מוטער האט געהײסען צְרוּעָה, א פרױא אײנע
אַלְמָנָה—האט אויפגעהויבען א האנד קעגען דעם קעניג׃ 27 אונד דאס איז דיא
זאך װעגען װאס ער האט אויפגעהויבען דיא האנד קעגען דעם קעניג, װען
שְׁלֹמֹה האט געבויט מִלּוֹא, האט ער פערשלאסען דעם אויפברוך פון
זײן פאטער דָוִד'ס שטאט׃ 28 אונד דער מאן יָרָבְעָם איז געװעזען א
שטארקער העלד, אונד װען שְׁלֹמֹה האט געזעהען דעם יונג, דאס ער

ארבײט

וְאֶת־אֱלִישָׁע בֶּן־שָׁפָט מֵאָבֵל מְחוֹלָה תִּמְשַׁח לְנָבִיא
יז תַּחְתֶּיךָ׃ וְהָיָה הַנִּמְלָט מֵחֶרֶב חֲזָאֵל יָמִית יֵהוּא וְהַנִּמְלָט
18 מֵחֶרֶב יֵהוּא יָמִית אֱלִישָׁע׃ וְהִשְׁאַרְתִּי בְיִשְׂרָאֵל שִׁבְעַת
אֲלָפִים כָּל־הַבִּרְכַּיִם אֲשֶׁר לֹא־כָרְעוּ לַבַּעַל וְכָל־הַפֶּה
יט אֲשֶׁר לֹא־נָשַׁק לוֹ׃ וַיֵּלֶךְ מִשָּׁם וַיִּמְצָא אֶת־אֱלִישָׁע בֶּן־
שָׁפָט וְהוּא חֹרֵשׁ שְׁנֵים־עָשָׂר צְמָדִים לְפָנָיו וְהוּא בִּשְׁנֵים
כ הֶעָשָׂר וַיַּעֲבֹר אֵלִיָּהוּ אֵלָיו וַיַּשְׁלֵךְ אַדַּרְתּוֹ אֵלָיו׃ וַיַּעֲזֹב
אֶת־הַבָּקָר וַיָּרָץ אַחֲרֵי אֵלִיָּהוּ וַיֹּאמֶר אֶשְּׁקָה־נָּא לְאָבִי
וּלְאִמִּי וְאֵלְכָה אַחֲרֶיךָ וַיֹּאמֶר לוֹ לֵךְ שׁוּב כִּי מֶה־עָשִׂיתִי
21 לָךְ׃ וַיָּשָׁב מֵאַחֲרָיו וַיִּקַּח אֶת־צֶמֶד הַבָּקָר וַיִּזְבָּחֵהוּ וּבִכְלִי
הַבָּקָר בִּשְּׁלָם הַבָּשָׂר וַיִּתֵּן לָעָם וַיֹּאכֵלוּ וַיָּקָם וַיֵּלֶךְ אַחֲרֵי
אֵלִיָּהוּ וַיְשָׁרְתֵהוּ׃

## כ

א וּבֶן־הֲדַד מֶלֶךְ־אֲרָם קָבַץ אֶת־כָּל־חֵילוֹ וּשְׁלֹשִׁים וּשְׁנַיִם
מֶלֶךְ אִתּוֹ וְסוּס וָרָכֶב וַיַּעַל וַיָּצַר עַל־שֹׁמְרוֹן וַיִּלָּחֶם בָּהּ׃
2 וַיִּשְׁלַח מַלְאָכִים אֶל־אַחְאָב מֶלֶךְ־יִשְׂרָאֵל הָעִירָה׃ 3 וַיֹּאמֶר
לוֹ כֹּה אָמַר בֶּן־הֲדַד כַּסְפְּךָ וּזְהָבְךָ לִי־הוּא וְנָשֶׁיךָ וּבָנֶיךָ
4 הַטּוֹבִים לִי־הֵם׃ וַיַּעַן מֶלֶךְ־יִשְׂרָאֵל וַיֹּאמֶר כִּדְבָרְךָ אֲדֹנִי
ה הַמֶּלֶךְ לְךָ אֲנִי וְכָל־אֲשֶׁר־לִי׃ וַיָּשֻׁבוּ הַמַּלְאָכִים וַיֹּאמְרוּ
כֹּה־אָמַר בֶּן־הֲדַד לֵאמֹר כִּי־שָׁלַחְתִּי אֵלֶיךָ לֵאמֹר כַּסְפְּךָ
6 וּזְהָבְךָ וְנָשֶׁיךָ וּבָנֶיךָ לִי תִתֵּן׃ כִּי ׀ אִם־כָּעֵת מָחָר אֶשְׁלַח
אֶת־עֲבָדַי אֵלֶיךָ וְחִפְּשׂוּ אֶת־בֵּיתְךָ וְאֵת בָּתֵּי עֲבָדֶיךָ וְהָיָה
7 כָּל־מַחְמַד עֵינֶיךָ יָשִׂימוּ בְיָדָם וְלָקָחוּ׃ וַיִּקְרָא מֶלֶךְ־
יִשְׂרָאֵל לְכָל־זִקְנֵי הָאָרֶץ וַיֹּאמֶר דְּעוּ־נָא וּרְאוּ כִּי רָעָה
זֶה מְבַקֵּשׁ כִּי־שָׁלַח אֵלַי לְנָשַׁי וּלְבָנַי וּלְכַסְפִּי וְלִזְהָבִי
8 וְלֹא מָנַעְתִּי מִמֶּנּוּ׃ וַיֹּאמְרוּ אֵלָיו כָּל־הַזְּקֵנִים וְכָל־הָעָם
9 אַל־תִּשְׁמַע וְלוֹא תֹאבֶה׃ וַיֹּאמֶר לְמַלְאֲכֵי בֶן־הֲדַד אִמְרוּ

אוּנְד אֱלִישָׁע בֶּן שָׁפָט פוּן אָבֵל מְחוֹלָה, זָאלְסְט דוּא זַאלְבֶּען פַאר אֵיין נָבִיא אַנְשְׁטָאט דִיר: 17 אוּנְד עֶס וֶועט זַיין, וֶוער עֶס וֶועט אַנְטְרוּנֶען וֶוערֶען פוּן חֲזָאֵל'ס שְׁוֶוערְד דֶעם וֶועט יֵהוּא טֵייטֶען, אוּנְד דֶער וָואס וֶועט אַנְטְרוּנֶען וֶוערֶען פוּן יֵהוּא'ס שְׁוֶוערְד, דֶעם וֶועט אֱלִישָׁע טֵייטֶען: 18 אוּנְד אִיךְ וֶועל מִיר לָאזֶען אִיבֶּערבְּלֵייבֶּען אִין יִשְׂרָאֵל זִיבֶּען טוֹיזֶענְד, אַלֶע דִיא קְנִיעֶן, וָואס הָאבֶּען זִיךְ נִיט גֶעקְנִיעֶט צוּ דֶעם בַּעַל, אוּנְד אִיטְלִיכֶעס מוֹיל וָואס הָאט אִיהְם נִיט גֶעקִישְׁט: 19 אוּנְד עֶר אִיז פוּן דָארְטֶען אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען אוּנְד עֶר הָאט גֶעפוּנֶען דֶעם אֱלִישָׁע בֶּן שָׁפָט אוּנְד עֶר הָאט גֶעאַקֶערְט, צְוֶועלְף פָּאָר אָקְסֶען זֶענֶען פָאר אִיהְם גֶעגַאנְגֶען, אוּנְד עֶר וַואר בֵּייא דִיא צְוֶועלְפְטֶע, אוּנְד אֵלִיָּהוּ אִיז פָאר אִיהְם פַארְאִיבֶּער גֶעגַאנְגֶען, אוּנְד עֶר הָאט זַיין מַאנְטֶעל אוֹיף אִיהְם גֶעוָוארְפֶען: 20 אוּנְד עֶר הָאט פֶערְלָאזֶען דִיא רִינְדֶער, אוּנְד עֶר אִיז אֵלִיָּהוּ נָאכְגֶעלָאפֶען אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, לָאז מִיר דָאךְ מֵיין פָאטֶער אוּנְד מֵיינֶע מוּטֶער קִישֶׁען, אַזוֹי וֶועל אִיךְ דִיר נָאכְגֵייען, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט גֵייא, אוּנְד קוּם צוּרִיק, וָוארִין וָואס הָאבּ אִיךְ מִיט דִיר צוּ טְהוּן? 21 אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ אוּמְגֶעקֶעהְרְט פוּן אִיהְם; אוּנְד הָאט גֶענוּמֶען דִיא פָּאָר רִינְדֶער, אוּנְד הָאט זַייא גֶעשָׁאכְטֶען, אוּנְד מִיט דִיא כֵּלִים וָואס זֶענֶען גֶעוֶועזֶען אוֹיף דִיא רִינְדֶער הָאט עֶר דַאס פְלֵיישׁ גֶעקָאכְט, אוּנְד עֶר הָאט עֶס גֶעגֶעבֶּען צוּ דֶעם פָאלְק, אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶעגֶעסֶען; אוּנְד עֶר אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען אוּנְד אִיז נָאכְגֶעגַאנְגֶען אֵלִיָּהוּ. אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם בֶּעדִינְט:

## קאפיטעל כ

1 אוּנְד בֶּן הֲדַד דֶער קֶענִיג פוּן אֲרָם, הָאט פֶערְזַאמֶעלְט זַיין גַאנְצֶעס חַיִל, אוּנְד צְוֵוייא אוּנְד דְרֵייסִיג קֶענִיגֶע זֶענֶען מִיט אִיהְם גֶעוֶועזֶען, אוֹיךְ פֶערְד אוּנְד רֵייטְוֶועגֶען; אוּנְד עֶר אִיז אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען אוּנְד הָאט זִיךְ גֶעלַאגֶערְט קֶעגֶען שֹׁמְרוֹן, אוּנְד הָאט קֶעגֶען אִיהר גֶעשְׁטְרִיטֶען: 2 אוּנְד עֶר הָאט גֶעשִׁיקְט שְׁלוּחִים צוּ אַחְאָב דֶעם קֶענִיג פוּן יִשְׂרָאֵל, אִין דִיא שְׁטָאט אַרֵיין: 3 אוּנְד עֶר הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט; אַזוֹי הָאט בֶּן הֲדַד גֶעזָאגְט, דֵיין זִילְבֶּער אוּנְד דֵיין גָאלְד אִיז מֵיין, אוּנְד דֵיינֶע ווַייבֶּער אוּנְד דֵיינֶע בֶּעסְטֶע קִינְדֶער זֶענֶען אוֹיךְ מֵיין: 4 אוּנְד דֶער קֶענִיג פוּן יִשְׂרָאֵל הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט, אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, מֵיין הַאר קֶענִיג, אַזוֹי וִויא דוּא הָאסְט גֶערֶעט, אִיךְ בִּין דֵיין, אוּנְד אַלֶעס וָואס אִיךְ הָאבּ: 5 אוּנְד דִיא שְׁלוּחִים זֶענֶען צוּרִיק גֶעקוּמֶען, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט, אַזוֹי הָאט בֶּן הֲדַד גֶעזָאגְט, צוּ זָאגֶען, ווַייל אִיךְ הָאבּ צוּ דִיר גֶעשִׁיקְט צוּ זָאגֶען, דֵיין זִילְבֶּער אוּנְד דֵיין גָאלְד, אוּנְד דֵיינֶע ווַייבֶּער אוּנְד דֵיינֶע זִיהְן זָאלְסְט דוּא מִיר גֶעבֶּען: 6 אַזוֹי וֶועל אִיךְ מָארְגֶען צוּ דִיר מֵיינֶע קְנֶעכְט שִׁיקֶען, אוּנְד זֵייא וֶועלֶען זוּכֶען אִין דֵיין הוֹיז, אוּנְד אִין דִיא הֵייזֶער פוּן דֵיינֶע קְנֶעכְט, אוּנְד עֶס וֶועט זַיין אַז אַלֶעס וָואס אִיז דִיר לִיבּ וֶועלֶען זֵייא טְהוּן אִין זֵיירֶע הֶענְד, אוּנְד זֵייא וֶועלֶען עֶס צוּנֶעמֶען: 7 אוּנְד דֶער קֶענִיג פוּן יִשְׂרָאֵל הָאט גֶערוּפֶען צוּ אַלֶע עֶלְצְטֶע פוּן דֶעם לַאנְד, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, דֶערְקֶענְט אוּנְד זֶעהְט, דָאס עֶר זוּכְט נָאר שְׁלֶעכְטֶעס, וָוארִין עֶר הָאט צוּ מִיר גֶעשִׁיקְט, אוּם מֵיינֶע ווַייבֶּער אוּנְד מֵיינֶע קִינְדֶער, אוּנְד אוּם מֵיין זִילְבֶּער אוּנְד מֵיין גָאלְד, אוּנְד אִיךְ הָאבּ אִיהְם נִיט גֶעוֶועהְרְט: 8 אוּנְד אַלֶע אַלְטֶע (לֵייטֶע) הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, אוּנְד אוֹיךְ דָאס גַאנְצֶע פָאלְק, דוּא זָאלְסְט עֶס נִיט הֶערֶען, אוּנְד נִיט צוּלָאזֶען: 9 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט צוּ דִיא שְׁלוּחִים פוּן בֶּן הֲדַד, זָאגְט

לַאדֹנִי הַמֶּלֶךְ כֹּל אֲשֶׁר־שָׁלַחְתָּ אֶל־עַבְדְּךָ בָרִאשֹׁנָה
אֶעֱשֶׂה וְהַדָּבָר הַזֶּה לֹא אוּכַל לַעֲשׂוֹת וַיֵּלְכוּ הַמַּלְאָכִים
וַיְשִׁבֻהוּ דָּבָר׃ וַיִּשְׁלַח אֵלָיו בֶּן־הֲדַד וַיֹּאמֶר כֹּה־יַעֲשׂוּן
לִי אֱלֹהִים וְכֹה יוֹסִפוּ אִם־יִשְׂפֹּק עֲפַר שֹׁמְרוֹן לִשְׁעָלִים
11 לְכָל־הָעָם אֲשֶׁר בְּרַגְלָי׃ וַיַּעַן מֶלֶךְ־יִשְׂרָאֵל וַיֹּאמֶר דַּבְּרוּ
12 אַל־יִתְהַלֵּל חֹגֵר כִּמְפַתֵּחַ׃ וַיְהִי כִּשְׁמֹעַ אֶת־הַדָּבָר הַזֶּה
וְהוּא שֹׁתֶה הוּא וְהַמְּלָכִים בַּסֻּכּוֹת וַיֹּאמֶר אֶל־עֲבָדָיו
13 שִׂימוּ וַיָּשִׂימוּ עַל־הָעִיר׃ וְהִנֵּה ׀ נָבִיא אֶחָד נִגַּשׁ אֶל־
אַחְאָב מֶלֶךְ־יִשְׂרָאֵל וַיֹּאמֶר כֹּה אָמַר יְהוָה הֲרָאִיתָ אֵת
כָּל־הֶהָמוֹן הַגָּדוֹל הַזֶּה הִנְנִי נֹתְנוֹ בְיָדְךָ הַיּוֹם וְיָדַעְתָּ כִּי־
14 אֲנִי יְהוָה׃ וַיֹּאמֶר אַחְאָב בְּמִי וַיֹּאמֶר כֹּה־אָמַר יְהוָה
בְּנַעֲרֵי שָׂרֵי הַמְּדִינוֹת וַיֹּאמֶר מִי־יֶאְסֹר הַמִּלְחָמָה וַיֹּאמֶר
טו אָתָּה׃ וַיִּפְקֹד אֶת־נַעֲרֵי שָׂרֵי הַמְּדִינוֹת וַיִּהְיוּ מָאתַיִם
שְׁנַיִם וּשְׁלֹשִׁים וְאַחֲרֵיהֶם פָּקַד אֶת־כָּל־הָעָם כָּל־בְּנֵי
16 יִשְׂרָאֵל שִׁבְעַת אֲלָפִים׃ וַיֵּצְאוּ בַּצָּהֳרָיִם וּבֶן־הֲדַד שֹׁתֶה
שִׁכּוֹר בַּסֻּכּוֹת הוּא וְהַמְּלָכִים שְׁלֹשִׁים־וּשְׁנַיִם מֶלֶךְ עֹזֵר
17 אֹתוֹ׃ וַיֵּצְאוּ נַעֲרֵי שָׂרֵי הַמְּדִינוֹת בָּרִאשֹׁנָה וַיִּשְׁלַח בֶּן־
18 הֲדַד וַיַּגִּידוּ לוֹ לֵאמֹר אֲנָשִׁים יָצְאוּ מִשֹּׁמְרוֹן׃ וַיֹּאמֶר
אִם־לְשָׁלוֹם יָצָאוּ תִּפְשׂוּם חַיִּים וְאִם לְמִלְחָמָה יָצָאוּ
19 חַיִּים תִּפְשׂוּם׃ וְאֵלֶּה יָצְאוּ מִן־הָעִיר נַעֲרֵי שָׂרֵי הַמְּדִינוֹת
כ וְהַחַיִל אֲשֶׁר אַחֲרֵיהֶם׃ וַיַּכּוּ אִישׁ אִישׁוֹ וַיָּנֻסוּ אֲרָם וַיִּרְדְּפֵם
יִשְׂרָאֵל וַיִּמָּלֵט בֶּן־הֲדַד מֶלֶךְ אֲרָם עַל־סוּס וּפָרָשִׁים׃
21 וַיֵּצֵא מֶלֶךְ יִשְׂרָאֵל וַיַּךְ אֶת־הַסּוּס וְאֶת־הָרָכֶב וְהִכָּה בַאֲרָם
22 מַכָּה גְדוֹלָה׃ וַיִּגַּשׁ הַנָּבִיא אֶל־מֶלֶךְ יִשְׂרָאֵל וַיֹּאמֶר לוֹ
לֵךְ הִתְחַזַּק וְדַע וּרְאֵה אֵת אֲשֶׁר־תַּעֲשֶׂה כִּי לִתְשׁוּבַת
23 הַשָּׁנָה מֶלֶךְ אֲרָם עֹלֶה עָלֶיךָ׃ וְעַבְדֵי מֶלֶךְ־אֲרָם
אָמְרוּ אֵלָיו אֱלֹהֵי הָרִים אֱלֹהֵיהֶם עַל־כֵּן חָזְקוּ מִמֶּנּוּ

צוּ מֵיין הַאר דֶעם קֶענִיג: אַלֶעס וָואס דוּא הָאסְט צוּעֶרשְׁט גֶעשִׁיקְט צוּ דֵיין קְנֶעכְט וֶועל אִיךְ טְהוּן, אָבֶּער דִיא דָאזִיגֶע זַאךְ קֶען אִיךְ נִיט טְהוּן, אוּנְד דִיא שְׁלוּחִים זֶענֶען אַוֶועקגֶעגַאנְגֶען אוּנְד הָאבֶּען אִיהְם גֶעבְּרַאכְט אֵיין עֶנְטְפֶער: 10 אוּנְד בֶּן־הֲדַד הָאט צוּ אִיהְם גֶעשִׁיקְט אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, אַזוֹי זָאלֶען מִיר דִיא גֶעטֶער טְהוּן, אוּנְד אַזוֹי זָאלֶען זֵייא מִיר מֶעהְר טְהוּן אוֹיבּ דֶער שְׁטוֹיבּ פוּן שֹׁמְרוֹן וֶועט גֶענוּג זַיין צוּ דִיא הוֹיפֶענְס פוּן דֶעם גַאנְצֶען פָאלְק וָואס זֶענֶען מִיט מִיר: 11 אוּנְד דֶער קֶענִיג פוּן יִשְׂרָאֵל הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, זָאגְט, אַז דֶער וָואס גִירְטֶעט אָן (דָאס שְׁוֶוערְד) זָאל זִיךְ נִיט רִיהְמֶען אַזוֹי וִויא דֶער וָואס בִּינְדֶעט עֶס אוֹיף: 12 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען וֶוען עֶר הָאט גֶעהֶערְט דָאס דָאזִיגֶע וָוארְט, אוּנְד עֶר הָאט גֶעטְרוּנְקֶען מִיט דִיא קֶענִיגֶע אִין דִיא גֶעצֶעלְטֶען, אַזוֹי הָאט עֶר גֶעזָאגְט צוּ זֵיינֶע קְנֶעכְט, טְהוּט אֵייךְ אָנְבְּרֵייטֶען, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זִיךְ גֶעלַאגֶערְט אִיבֶּער דֶער שְׁטָאט: 13 אוּנְד זֶעה, אַ נָבִיא הָאט זִיךְ גֶענֶעהֶנְט צוּ אַחְאָב קֶענִיג פוּן יִשְׂרָאֵל אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר, הָאסְט דוּא גֶעזֶעהֶען דִיא דָאזִיגֶע גְרוֹיסֶע פֶערְזַאמְלוּנְג? זֶעה, אִיךְ אִיבֶּערְגֶעבּ דִיר אִיהְם הֵיינְט אִין דֵיינֶע הַאנְד, אוּנְד דוּא וֶועסְט וִויסֶען אַז אִיךְ בִּין דֶער הַאר: 14 אוּנְד אַחְאָב הָאט גֶעזָאגְט, דוּרְךְ וֶועמֶען? אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, אַזוֹי הָאט דֶער הַאר גֶעזָאגְט, דוּרְךְ דִיא יוּנְגֶען פוּן דִיא אוֹיבֶּערְשְׁטֶע פוּן דִיא מְדִינוֹת, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, וֶוער זָאל דִיא מִלְחָמָה שְׁפַּאנֶען? אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, דוּא: 15 אוּנְד עֶר הָאט גֶעצֵיילְט דִיא יוּנְגֶען פוּן דִיא אוֹיבֶּערְשְׁטֶע פוּן דִיא מְדִינוֹת, אוּנְד זֵייא זֶענֶען גֶעוֶועזֶען צְוֵוייא הוּנְדֶערְט אוּנְד צְוֵוייא אוּנְד דְרֵייסִיג, אוּנְד נָאךְ זֵייא הָאט עֶר גֶעצֵיילְט דָאס גַאנְצֶע פָאלְק, אַלֶע קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל זִיבֶּען טוֹיזֶענְד: 16 אוּנְד זֵייא זֶענֶען אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען אִין מִיטֶען טָאג, אוּנְד בֶּן־הֲדַד הָאט גֶעטְרוּנְקֶען, אוּנְד עֶר אִיז גֶעוֶועזֶען אָנְגֶעשִׁיכּוֹרְט אִין דִיא גֶעצֶעלְטֶען, עֶר מִיט דִיא מְלָכִים, צְוֵוייא אוּנְד דְרֵייסִיג מְלָכִים וָואס זֶענֶען אִיהְם צוּ הִילְף גֶעקוּמֶען: 17 אוּנְד דִיא יוּנְגֶען פוּן דִיא אוֹיבֶּערְשְׁטֶע פוּן דִיא מְדִינוֹת זֶענֶען אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען צוּם עֶרְשְׁטֶען, אוּנְד בֶּן־הֲדַד הָאט אוֹיךְ אַרוֹיסְגֶעשִׁיקְט, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט אַזוֹי צוּ זָאגֶען, מֶענְשֶׁען זֶענֶען אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען פוּן שֹׁמְרוֹן: 18 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, אוֹיבּ זֵייא זֶענֶען אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען וֶועגֶען פְרִידֶען, חַאפְּט זֵייא לֶעבֶּעדִיג, אוּנְד אוֹיבּ זֵייא זֶענֶען אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען וֶועגֶען מִלְחָמָה, חַאפְּט זֵייא אוֹיךְ לֶעבֶּעדִיג: 19 אוּנְד דִיא דָאזִיגֶע יוּנְגֶען פוּן דִיא אוֹיבֶּערְשְׁטֶע פוּן דִיא מְדִינוֹת זֶענֶען אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען פוּן דֶער שְׁטָאט, אוּנְד דָאס חַיִל הִינְטֶער זֵייא: 20 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעשְׁלָאגֶען אִיטְלִיכֶען וָואס אִיז זֵייא אַנְטְקֶעגֶען גֶעקוּמֶען; אוּנְד אֲרָם אִיז אַנְטְלָאפֶען, אוּנְד יִשְׂרָאֵל הָאבֶּען זֵייא נָאכְגֶעיָאגְט, אוּנְד בֶּן־הֲדַד דֶער מֶלֶךְ פוּן אֲרָם אִיז אַנְטְרוּנֶען מִיט פֶערְד אוּנְד רֵייטְוָואגֶען: 21 אוּנְד דֶער מֶלֶךְ פוּן יִשְׂרָאֵל אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען, אוּנְד עֶר הָאט גֶעשְׁלָאגֶען דָאס פֶערְד אוּנְד דֶעם רֵייטְוָואגֶען, אוּנְד עֶר הָאט גֶעשְׁלָאגֶען אִין אֲרָם אַ גְרוֹיסֶען שְׁלַאק: 22 אוּנְד דֶער נָבִיא הָאט זִיךְ גֶענֶעהֶנְט צוּ דֶעם מֶלֶךְ פוּן יִשְׂרָאֵל אוּנְד הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, גֵייא, אוּנְד שְׁטַארְק דִיךְ, אוּנְד דוּא זָאלְסְט וִויסֶען אוּנְד זֶעהֶען וָואס דוּא הָאסְט צוּ טְהוּן, וָוארִין אִין אַ יָאהְר אַרוּם, וֶועט דֶער מֶלֶךְ פוּן אֲרָם ווִידֶער קֶעגֶען דִיר אַרוֹיפְגֵיין: 23 וֵוייל דִיא קְנֶעכְט פוּן דֶעם מֶלֶךְ פוּן אֲרָם הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, זֵיירֶע גֶעטֶער זֶענֶען גֶעטֶער אִיבֶּער בֶּערְג, דָארוּם הָאבֶּען זֵייא זִיךְ גֶעשְׁטַארְקְט אִיבֶּער אוּנְס, אָבֶּער וֶוען

מיר

וְאוּלָם נִלָּחֵם אִתָּם בַּמִּישׁוֹר אִם־לֹא נֶחֱזַק מֵהֶם׃ וְאֶת־ 24
הַדָּבָר הַזֶּה עֲשֵׂה הָסֵר הַמְּלָכִים אִישׁ מִמְּקֹמוֹ וְשִׂים פַּחוֹת
תַּחְתֵּיהֶם׃ וְאַתָּה תִמְנֶה־לְךָ ׀ חַיִל כַּחַיִל הַנֹּפֵל מֵאוֹתָךְ כה
וְסוּס כַּסּוּס ׀ וְרֶכֶב כָּרֶכֶב וְנִלָּחֲמָה אוֹתָם בַּמִּישׁוֹר אִם־
לֹא נֶחֱזַק מֵהֶם וַיִּשְׁמַע לְקֹלָם וַיַּעַשׂ כֵּן׃ וַיְהִי לִתְשׁוּבַת 26
הַשָּׁנָה וַיִּפְקֹד בֶּן־הֲדַד אֶת־אֲרָם וַיַּעַל אֲפֵקָה לַמִּלְחָמָה
עִם־יִשְׂרָאֵל׃ וּבְנֵי יִשְׂרָאֵל הָתְפָּקְדוּ וְכָלְכְּלוּ וַיֵּלְכוּ 27
לִקְרָאתָם וַיַּחֲנוּ בְנֵי־יִשְׂרָאֵל נֶגְדָּם כִּשְׁנֵי חֲשִׂפֵי עִזִּים וַאֲרָם
מִלְאוּ אֶת־הָאָרֶץ׃ וַיִּגַּשׁ אִישׁ הָאֱלֹהִים וַיֹּאמֶר אֶל־מֶלֶךְ 28
יִשְׂרָאֵל וַיֹּאמֶר כֹּה־אָמַר יְהוָה יַעַן אֲשֶׁר אָמְרוּ אֲרָם אֱלֹהֵי
הָרִים יְהוָה וְלֹא־אֱלֹהֵי עֲמָקִים הוּא וְנָתַתִּי אֶת־כָּל־הֶהָמוֹן
הַגָּדוֹל הַזֶּה בְּיָדֶךָ וִידַעְתֶּם כִּי־אֲנִי יְהוָה׃ וַיַּחֲנוּ אֵלֶּה נֹכַח 29
אֵלֶּה שִׁבְעַת יָמִים וַיְהִי ׀ בַּיּוֹם הַשְּׁבִיעִי וַתִּקְרַב הַמִּלְחָמָה
וַיַּכּוּ בְנֵי־יִשְׂרָאֵל אֶת־אֲרָם מֵאָה־אֶלֶף רַגְלִי בְּיוֹם אֶחָד׃
וַיָּנֻסוּ הַנּוֹתָרִים ׀ אֲפֵקָה אֶל־הָעִיר וַתִּפֹּל הַחוֹמָה עַל־ ל
עֶשְׂרִים וְשִׁבְעָה אֶלֶף אִישׁ הַנּוֹתָרִים וּבֶן־הֲדַד נָס וַיָּבֹא
אֶל־הָעִיר חֶדֶר בְּחָדֶר׃ וַיֹּאמְרוּ אֵלָיו עֲבָדָיו הִנֵּה־נָא 31
שָׁמַעְנוּ כִּי מַלְכֵי בֵּית יִשְׂרָאֵל כִּי־מַלְכֵי חֶסֶד הֵם נָשִׂימָה
נָּא שַׂקִּים בְּמָתְנֵינוּ וַחֲבָלִים בְּרֹאשֵׁנוּ וְנֵצֵא אֶל־מֶלֶךְ
יִשְׂרָאֵל אוּלַי יְחַיֶּה אֶת־נַפְשֶׁךָ׃ וַיַּחְגְּרוּ שַׂקִּים בְּמָתְנֵיהֶם 32
וַחֲבָלִים בְּרָאשֵׁיהֶם וַיָּבֹאוּ אֶל־מֶלֶךְ יִשְׂרָאֵל וַיֹּאמְרוּ
עַבְדְּךָ בֶן־הֲדַד אָמַר תְּחִי־נָא נַפְשִׁי וַיֹּאמֶר הַעוֹדֶנּוּ חַי
אָחִי הוּא׃ וְהָאֲנָשִׁים יְנַחֲשׁוּ וַיְמַהֲרוּ וַיַּחְלְטוּ הֲמִמֶּנּוּ וַיֹּאמְרוּ 33
אָחִיךָ בֶן־הֲדַד וַיֹּאמֶר בֹּאוּ קָחֻהוּ וַיֵּצֵא אֵלָיו בֶּן־הֲדַד
וַיַּעֲלֵהוּ עַל־הַמֶּרְכָּבָה׃ וַיֹּאמֶר אֵלָיו הֶעָרִים אֲשֶׁר־לָקַח־ 34
אָבִי מֵאֵת אָבִיךָ אָשִׁיב וְחוּצוֹת תָּשִׂים לְךָ בְדַמֶּשֶׂק
כַּאֲשֶׁר־שָׂם אָבִי בְּשֹׁמְרוֹן וַאֲנִי בַּבְּרִית אֲשַׁלְּחֶךָּ וַיִּכְרָת־
לוֹ בְרִית וַיְשַׁלְּחֵהוּ׃ וְאִישׁ אֶחָד מִבְּנֵי הַנְּבִיאִים לה

מִיר וֶועלֶען מִיט זֵייא מִלְחָמָה הַאלְטֶען אוֹיף אַ גְלֵייכֶען פְּלַאץ וֶועלֶען מִיר גֶעווִיס שְׁטַארְקֶער זַיין ווִיא זֵייא׃ 24 אוּנְד דוּא זָאלְסְט טְהוּן דִיא דָאזִיגֶע זַאךְ, דוּא זָאלְסְט אָפְּשַׁאפֶען דִיא מְלָכִים אִיטְלִיכֶען פוּן זַיינֶע שְׁטֶעל, אוּנְד דוּא זָאלְסְט אָנְשְׁטֶעלֶען הַארְרֶען אִין זֵייעֶר שְׁטֶעל׃ 25 אוּנְד דוּא זָאלְסְט צֵיילֶען אַ חַיִל, ווִיא דָאס חַיִל וָואס דוּא הָאסְט פֶערְלוֹירֶען, אוּנְד פֶערְד אוּנְד וָואגֶען, ווִיא יֶענֶע פֶערְד אוּנְד וָואגֶען, ווֶען מִיר וֶועלֶען מִיט זֵייא מִלְחָמָה הַאלְטֶען אוֹיף אַ גְלֵייכֶען פְּלַאץ, וֶועלֶען מִיר גֶעווִיס שְׁטַארְקֶער זַיין ווִיא זֵייא, אוּנְד עֶר הָאט גֶעהֶערְט צוּ זֵייעֶרע שְׁטִימֶע, אוּנְד עֶר הָאט אַזוֹי גֶעטְהוּן׃ 26 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אִין אַ יָאהְר אַרוּם, הָאט בֶּן־הֲדַד גֶעצֵיילְט אֲרָם, אוּנְד עֶר אִיז אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען קֵיין אֲפֵק, מִלְחָמָה צוּ הַאלְטֶען מִיט יִשְׂרָאֵל׃ 27 אוּנְד דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל הָאבֶּען זִיךְ אוֹיךְ גֶעצֵיילְט, אוּנְד הָאבֶּען זִיךְ פֶערְזָארְגְט, אוּנְד זֶענֶען זֵייא אַנְטְקֶעגֶען גֶעגַאנְגֶען, אוּנְד דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל הָאבֶּען זִיךְ קֶעגֶען זֵייא גֶעלַאגֶערְט ווִיא צְווייא קְלֵיינֶע סְטַאדֶעס צִיגֶען, אוּנְד אֲרָם הָאט פוּל גֶעמַאכְט דָאס לַאנְד׃ 28 אוּנְד אַ גֶעטְלִיכֶער מַאן הָאט זִיךְ גֶענֶעהֶנְט אוּנְד הָאט גֶערֶעט צוּ דֶעם מֶלֶךְ פוּן יִשְׂרָאֵל, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, אַזוֹי הָאט דֶער הַאר גֶעזָאגְט, ווייל אֲרָם הָאט גֶעזָאגְט, דָאס דֶער הַאר אִיז אַ גָאט אִיבֶּער בֶּערְג, אוּנְד נִיט קֵיין גָאט אִיבֶּער טְהָאלֶען, אַזוֹי וֶועל אִיךְ דִיא דָאזִיגֶע גְרוֹיסֶע פֶערְזַאמְלוּנְג גֶעבֶּען אִין דֵיינֶע הַאנְד, אוּנְד אִיהְר ווֶעט ווִיסֶען אַז אִיךְ בִּין דֶער הַאר׃ 29 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זִיךְ גֶעלַאגֶערְט אֵיינֶער־קֶעגֶען דֶעם אַנְדֶערְן זִיבֶּען טֶעג, אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אַן דֶעם זִיבְּטֶען טָאג אַזוֹי הָאט זִיךְ דִיא מִלְחָמָה גֶענֶעהֶנְט, אוּנְד דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל הָאבֶּען גֶעשְׁלָאגֶען פוּן אֲרָם הוּנְדֶערְט טוֹיזֶענְד פוּסְגֵייעֶר אִין אֵיין טָאג׃ 30 אוּנְד דִיא אִיבְּרִיגֶע זֶענֶען אַנְטְלָאפֶען קֵיין אֲפֵק, צוּ דֶער שְׁטָאט, אוּנְד דִיא מוֹיעֶר אִיז אֵיינְגֶעפַאלֶען אוֹיף דִיא אִיבְּרִיגֶע זִיבֶּען אוּנְד צְוַואנְצִיג טוֹיזֶענְד מַאן, אוּנְד בֶּן־הֲדַד אִיז אַנְטְלָאפֶען, אוּנְד אִיז אַרֵיינְגֶעקוּמֶען אִין דִיא שְׁטָאט פוּן אֵיין קַאמֶער אִין דִיא אַנְדֶערֶע אַרֵיין׃ 31 אוּנְד זַיינֶע קְנֶעכְט הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, זֶעה, מִיר הָאבֶּען גֶעהֶערְט דָאס דִיא מְלָכִים פוּן דֶעם הוֹיז יִשְׂרָאֵל זֶענֶען בַּארְמְהֶערְצִיגֶע קֶענִיגֶע, אוּנְד מִיר וֶועלֶען אָנְטְהוּן זֶעק אַרוּם אוּנְזֶערֶע לֶענְדֶען, אוּנְד שְׁטְרִיק אוּם אוּנְזֶערֶע קֶעפּ, אוּנְד מִיר וֶועלֶען אַרוֹיסְגֵיין צוּ דֶעם מֶלֶךְ פוּן יִשְׂרָאֵל, טָאמֶער וֶועט עֶר דִיךְ לָאזֶען לֶעבֶּען׃ 32 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אָנְגֶעגוּרְט זֶעק אַרוּם זֵייעֶרע לֶענְדֶען, אוּנְד שְׁטְרִיק אוּם זֵייעֶרע קֶעפּ, אוּנְד זֵייא זֶענֶען גֶעקוּמֶען צוּ דֶעם מֶלֶךְ פוּן יִשְׂרָאֵל, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט, דֵיין קְנֶעכְט בֶּן־הֲדַד הָאט גֶעזָאגְט, לָאז דָאךְ מֵיינֶע זֶעלֶע לֶעבֶּען בְּלֵייבֶּען, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, לֶעבְּט עֶר נָאךְ? עֶר אִיז מֵיין בְּרוּדֶער׃ 33 אוּנְד דִיא מֶענְשֶׁען הָאבֶּען עֶס גֶעמַאכְט אַ צֵייכֶען אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אֵיילֶענְדִיג גֶענוּמֶען דָאס וָוארְט פוּן אִיהְם, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט, יָא, דֵיין בְּרוּדֶער אִיז בֶּן־הֲדַד, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, קוּמְט אוּנְד בְּרֶענְגְט אִיהְם; אוּנְד בֶּן־הֲדַד אִיז צוּ אִיהְם אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען אוּנְד הָאט אִיהְם גֶעלָאזְט אַרוֹיפְגֵיין אוֹיף דֶעם וָואגֶען׃ 34 אוּנְד עֶר הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, דִיא שְׁטֶעט וָואס מֵיין פָאטֶער הָאט צוּגֶענוּמֶען בַּייא דֵיין פָאטֶער וֶועל אִיךְ דִיר צוּרִיקְגֶעבֶּען, אוּנְד דוּא וֶועסְט מַאכֶען גַאסֶען אִין דַמֶּשֶׂק אַזוֹי ווִיא מֵיין פָאטֶער הָאט גֶעמַאכְט אִין שֹׁמְרוֹן, אוּנְד אִיךְ וֶועל דִיךְ מִיט אַ בְּרִית אָפְּשִׁיקֶען, אוּנְד עֶר הָאט מִיט אִיהְם כּוֹרֵת בְּרִית גֶעוֶועזֶען אוּנְד הָאט אִיהְם אַוֶועקְגֶעשִׁיקְט׃ 35 אוּנְד אַ מַאן פוּן דִיא קִינְדֶער פוּן דִיא נְבִיאִים הָאט

אָמַר אֶל־רֵעֵהוּ בִּדְבַר יְהוָה הַכֵּינִי נָא וַיְמָאֵן הָאִישׁ
36 לְהַכֹּתוֹ׃ וַיֹּאמֶר לוֹ יַעַן אֲשֶׁר לֹא־שָׁמַעְתָּ בְּקוֹל יְהוָה
הִנְּךָ הוֹלֵךְ מֵאִתִּי וְהִכְּךָ הָאַרְיֵה וַיֵּלֶךְ מֵאֶצְלוֹ וַיִּמְצָאֵהוּ
37 הָאַרְיֵה וַיַּכֵּהוּ׃ וַיִּמְצָא אִישׁ אַחֵר וַיֹּאמֶר הַכֵּינִי נָא וַיַּכֵּהוּ
38 הָאִישׁ הַכֵּה וּפָצֹעַ׃ וַיֵּלֶךְ הַנָּבִיא וַיַּעֲמֹד לַמֶּלֶךְ עַל־הַדָּרֶךְ
39 וַיִּתְחַפֵּשׂ בָּאֲפֵר עַל־עֵינָיו׃ וַיְהִי הַמֶּלֶךְ עֹבֵר וְהוּא צָעַק
אֶל־הַמֶּלֶךְ וַיֹּאמֶר עַבְדְּךָ ׀ יָצָא בְקֶרֶב־הַמִּלְחָמָה וְהִנֵּה־
אִישׁ סָר וַיָּבֵא אֵלַי אִישׁ וַיֹּאמֶר שְׁמֹר אֶת־הָאִישׁ הַזֶּה
אִם־הִפָּקֵד יִפָּקֵד וְהָיְתָה נַפְשְׁךָ תַּחַת נַפְשׁוֹ אוֹ כִכַּר־
מ כֶּסֶף תִּשְׁקוֹל׃ וַיְהִי עַבְדְּךָ עֹשֶׂה הֵנָּה וָהֵנָּה וְהוּא אֵינֶנּוּ
וַיֹּאמֶר אֵלָיו מֶלֶךְ־יִשְׂרָאֵל כֵּן מִשְׁפָּטֶךָ אַתָּה חָרָצְתָּ׃
41 וַיְמַהֵר וַיָּסַר אֶת־הָאֲפֵר מֵעַל עֵינָיו וַיַּכֵּר אֹתוֹ מֶלֶךְ יִשְׂרָאֵל
42 כִּי מֵהַנְּבִאִים הוּא׃ וַיֹּאמֶר אֵלָיו כֹּה אָמַר יְהוָה יַעַן
שִׁלַּחְתָּ אֶת־אִישׁ־חֶרְמִי מִיָּד וְהָיְתָה נַפְשְׁךָ תַּחַת נַפְשׁוֹ
43 וְעַמְּךָ תַּחַת עַמּוֹ׃ וַיֵּלֶךְ מֶלֶךְ־יִשְׂרָאֵל עַל־בֵּיתוֹ סַר וְזָעֵף
וַיָּבֹא שֹׁמְרוֹנָה׃

## כא כא

א וַיְהִי אַחַר הַדְּבָרִים הָאֵלֶּה כֶּרֶם הָיָה לְנָבוֹת הַיִּזְרְעֵאלִי
2 אֲשֶׁר בְּיִזְרְעֶאל אֵצֶל הֵיכַל אַחְאָב מֶלֶךְ שֹׁמְרוֹן׃ וַיְדַבֵּר
אַחְאָב אֶל־נָבוֹת ׀ לֵאמֹר ׀ תְּנָה־לִּי אֶת־כַּרְמְךָ וִיהִי־לִי לְגַן
יָרָק כִּי הוּא קָרוֹב אֵצֶל בֵּיתִי וְאֶתְּנָה לְךָ תַּחְתָּיו כֶּרֶם טוֹב
3 מִמֶּנּוּ אִם טוֹב בְּעֵינֶיךָ אֶתְּנָה־לְךָ כֶסֶף מְחִיר זֶה׃ וַיֹּאמֶר
נָבוֹת אֶל־אַחְאָב חָלִילָה לִּי מֵיְהוָה מִתִּתִּי אֶת־נַחֲלַת
4 אֲבֹתַי לָךְ׃ וַיָּבֹא אַחְאָב אֶל־בֵּיתוֹ סַר וְזָעֵף עַל־הַדָּבָר
אֲשֶׁר־דִּבֶּר אֵלָיו נָבוֹת הַיִּזְרְעֵאלִי וַיֹּאמֶר לֹא־אֶתֵּן לְךָ אֶת־
נַחֲלַת אֲבוֹתָי וַיִּשְׁכַּב עַל־מִטָּתוֹ וַיַּסֵּב אֶת־פָּנָיו וְלֹא־אָכַל
ה לָחֶם׃ וַתָּבֹא אֵלָיו אִיזֶבֶל אִשְׁתּוֹ וַתְּדַבֵּר אֵלָיו מַה־זֶּה

האָט גֶעזָאגְט צוּ זַיין פְרַיינְד דוּרךְ דֶעם וָוארְט פוּן דֶעם הַאר, שְׁלָאג מִיךְ דָאךְ, אָבֶער דֶער מַאן האָט אִיהְם נִיט גֶעוָואלְט שְׁלָאגֶען: 36 אוּנְד עֶר האָט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, וַוייל דוּא האָסְט נִיט גֶעהָארְכְט צוּ דִיא שְׁטִים פוּן דֶעם הַאר, זֶעה, וֶוען דוּא וֶועסְט פוּן מִיר אַוֶועקְגֵיין אַזוֹי וֶועט דִיךְ אַ לֵייבּ דֶערשְׁלָאגֶען, אוּנְד וֶוען עֶר אִיז פוּן אִיהְם אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען, האָט אִיהְם דֶער לֵייבּ גֶעפוּנֶען, אוּנְד עֶר האָט אִיהְם דֶערשְׁלָאגֶען: 37 אוּנְד עֶר האָט גֶעפוּנֶען אַן אַנְדֶערְן מַאן, אוּנְד עֶר האָט (צוּ אִיהְם) גֶעזָאגְט, דֶערשְׁלָאג מִיךְ דָאךְ, אוּנְד דֶער מַאן האָט אִיהְם גֶעשְׁלָאגֶען, מִיט שְׁלֶעג אוּנְד ווְאוּנְדֶען: 38 אוּנְד דֶער נָבִיא אִיז גֶעגַאנְגֶען אוּנְד האָט זִיךְ גֶעשְׁטֶעלְט פָאר דֶעם מֶלֶךְ אוֹיף דֶעם וֶועג, אוּנְד עֶר האָט זִיךְ פֶערשְׁטֶעלְט מִיט אַ דֶעקֶע אוֹיף זַיינֶע אוֹיגֶען: 39 אוּנְד וֶוען דֶער מֶלֶךְ אִיז פָארְאִיבֶּערְגֶעגַאנְגֶען, האָט עֶר גֶעשְׁרִיעֶן צוּ דֶעם מֶלֶךְ, אוּנְד עֶר האָט גֶעזָאגְט, דַיין קְנֶעכְט אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען אִין דֶער מִלְחָמָה, אוּנְד זֶעה, אַ מַאן האָט אָפְּגֶעטְרֶעטֶען, אוּנְד עֶר האָט גֶעבְּרַאכְט צוּ מִיר אַ מַאן, אוּנְד עֶר האָט גֶעזָאגְט, דוּא זָאלְסְט הִיטֶען דֶעם דָאזִיגֶען מַאן, אוּנְד אוֹיבּ עֶר וֶועט פֶעהְלֶען, אַזוֹי זָאל דַיין לֶעבֶּען זַיין אַנְשְׁטָאט זַיין לֶעבֶּען, אָדֶער דוּא זָאלְסְט בֶּעצָאלֶען אַ צֶענְטְנֶער זִילְבֶּער: 40 אוּנְד וֶוען דַיין קְנֶעכְט האָט צוּ טְהוּן גֶעהַאט דָא אוּנְד דָארְט, אִיז עֶר נִיט (מֶעהְר) דָא גֶעוֶועזֶען. אַזוֹי האָט דֶער מֶלֶךְ פוּן יִשְׂרָאֵל צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, דַיין אוּרְטְהֵייל אִיז וָואס דוּא האָסְט אַלֵיין אוֹיסְגֶעשְׁפְּרָאכֶען: 41 אוּנְד עֶר האָט זִיךְ גֶעאֵיילְט אוּנְד אַרוּפְגֶעטְהוּן דִיא דֶעקֶע פוּן זַיינֶע אוֹיגֶען, אוּנְד דֶער מֶלֶךְ פוּן יִשְׂרָאֵל האָט אִיהְם דֶערְקָאנְט דָאס עֶר אִיז אֵיינֶער פוּן דִיא נְבִיאִים: 42 אוּנְד עֶר האָט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, אַזוֹי האָט דֶער הַאר גֶעזָאגְט, וַוייל דוּא האָסְט מֵיין פֶערְווִיסְטֶען מַאן פְרֵייא גֶעשִׁיקְט פוּן דַיינֶע הַאנְד, וֶועט דַיין לֶעבֶּען זַיין אַנְשְׁטָאט זַיין לֶעבֶּען, אוּנְד דַיין פָאלְק אַנְשְׁטָאט זַיין פָאלְק: 43 אוּנְד דֶער מֶלֶךְ פוּן יִשְׂרָאֵל אִיז גֶעגַאנְגֶען צוּ זַיין הוֹיז פֶערדְרִיסְלִיךְ אוּנְד אוּנְמוּטְהִיג, אוּנְד עֶר אִיז גֶעקוּמֶען קֵיין שֹׁמְרוֹן:

## קאפיטעל כא

1 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען נָאךְ דִיא דָאזִיגֶע זַאכֶען, אוּנְד נָבוֹת הַיִזְרְעֵאלִי האָט גֶעהַאט אַ ווַיינְגָארְטֶען אִין יִזְרְעֶאל נֶעבֶּען דֶעם פַּאלַאסְט פוּן אַחְאָב מֶלֶךְ פוּן שֹׁמְרוֹן: 2 אוּנְד אַחְאָב האָט גֶערֶעט מִיט נָבוֹת, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, גִיבּ מִיר דַיין ווַיינְגָארְטֶען, אוּנְד עֶר זָאל מִיר זַיין צוּ אַ גְרִינְגָארְטֶען, וָוארִין עֶר אִיז נָאהֶענְט צוּ מֵיין הוֹיז, אוּנְד אִיךְ וֶועל דִיר דֶערְפַאר גֶעבֶּען אַ בֶּעסֶערֶען ווַיינְגָארְטֶען, אָדֶער וֶוען עֶס גֶעפֶעלְט דִיר, וֶועל אִיךְ דִיר גֶעבֶּען ווִיא פִיל עֶר אִיז וֶוערְט: 3 אוּנְד נָבוֹת האָט גֶעזָאגְט צוּ אַחְאָב, (חָלִילָה) פֶערְמִיטֶען זָאל עֶס זַיין פוּן גָאט דָאס אִיךְ זָאל דִיר גֶעבֶּען דִיא יְרוּשָּׁה פוּן מֵיינֶע עֶלְטֶערְן: 4 אוּנְד אַחְאָב אִיז גֶעקוּמֶען צוּ זַיין הוֹיז פֶערדְרִיסְלִיךְ אוּנְד אוּנְמוּטְהִיג וֶועגֶען דֶעם וָוארְט וָואס נָבוֹת הַיִזְרְעֶאלִי האָט צוּ אִיהְם גֶערֶעט, וַוייל עֶר האָט גֶעזָאגְט, אִיךְ וֶועל דִיר נִיט גֶעבֶּען דִיא יְרוּשָּׁה פוּן מֵיינֶע עֶלְטֶערְן. אוּנְד עֶר האָט זִיךְ גֶעלֵייגְט אוֹיף זַיין בֶּעט, אוּנְד האָט אַוֶועקְגֶעקֶעהְרְט זַיין פָּנִים, אוּנְד האָט נִיט גֶעגֶעסֶען קֵיין בְּרוֹיט: 5 אוּנְד זַיין ווַייבּ אִיזֶבֶל אִיז צוּ אִיהְם גֶעקוּמֶען, אוּנְד האָט מִיט אִיהְם גֶערֶעט, פַארְוָואס אִיז

6 רוּחֲךָ סָרָה וְאֵינְךָ אֹכֵל לָחֶם׃ וַיְדַבֵּר אֵלֶיהָ כִּי־אֲדַבֵּר
אֶל־נָבוֹת הַיִּזְרְעֵאלִי וָאֹמַר לוֹ תְּנָה־לִּי אֶת־כַּרְמְךָ בְּכֶסֶף
אוֹ אִם־חָפֵץ אַתָּה אֶתְּנָה־לְךָ כֶרֶם תַּחְתָּיו וַיֹּאמֶר לֹא־
7 אֶתֵּן לְךָ אֶת־כַּרְמִי׃ וַתֹּאמֶר אֵלָיו אִיזֶבֶל אִשְׁתּוֹ אַתָּה עַתָּה
תַּעֲשֶׂה מְלוּכָה עַל־יִשְׂרָאֵל קוּם אֱכָל־לֶחֶם וְיִטַב לִבֶּךָ אֲנִי
8 אֶתֵּן לְךָ אֶת־כֶּרֶם נָבוֹת הַיִּזְרְעֵאלִי׃ וַתִּכְתֹּב סְפָרִים בְּשֵׁם
אַחְאָב וַתַּחְתֹּם בְּחֹתָמוֹ וַתִּשְׁלַח הַסְּפָרִים אֶל־הַזְּקֵנִים
9 וְאֶל־הַחֹרִים אֲשֶׁר בְּעִירוֹ הַיֹּשְׁבִים אֶת־נָבוֹת׃ וַתִּכְתֹּב
בַּסְּפָרִים לֵאמֹר קִרְאוּ־צוֹם וְהוֹשִׁיבוּ אֶת־נָבוֹת בְּרֹאשׁ הָעָם׃
י וְהוֹשִׁיבוּ שְׁנַיִם אֲנָשִׁים בְּנֵי־בְלִיַּעַל נֶגְדּוֹ וִיעִדֻהוּ לֵאמֹר
11 בֵּרַכְתָּ אֱלֹהִים וָמֶלֶךְ וְהוֹצִיאֻהוּ וְסִקְלֻהוּ וְיָמֹת׃ וַיַּעֲשׂוּ
אַנְשֵׁי עִירוֹ הַזְּקֵנִים וְהַחֹרִים אֲשֶׁר הַיֹּשְׁבִים בְּעִירוֹ כַּאֲשֶׁר
שָׁלְחָה אֲלֵיהֶם אִיזָבֶל כַּאֲשֶׁר כָּתוּב בַּסְּפָרִים אֲשֶׁר
12 שָׁלְחָה אֲלֵיהֶם׃ קָרְאוּ צוֹם וְהֹשִׁיבוּ אֶת־נָבוֹת בְּרֹאשׁ
13 הָעָם׃ וַיָּבֹאוּ שְׁנֵי הָאֲנָשִׁים בְּנֵי־בְלִיַּעַל וַיֵּשְׁבוּ נֶגְדּוֹ וַיְעִדֻהוּ
אַנְשֵׁי הַבְּלִיַּעַל אֶת־נָבוֹת נֶגֶד הָעָם לֵאמֹר בֵּרַךְ נָבוֹת
אֱלֹהִים וָמֶלֶךְ וַיֹּצִאֻהוּ מִחוּץ לָעִיר וַיִּסְקְלֻהוּ בָאֲבָנִים וַיָּמֹת׃
14 טו וַיִּשְׁלְחוּ אֶל־אִיזֶבֶל לֵאמֹר סֻקַּל נָבוֹת וַיָּמֹת׃ וַיְהִי כִּשְׁמֹעַ
אִיזֶבֶל כִּי־סֻקַּל נָבוֹת וַיָּמֹת וַתֹּאמֶר אִיזֶבֶל אֶל־אַחְאָב
קוּם רֵשׁ אֶת־כֶּרֶם ׀ נָבוֹת הַיִּזְרְעֵאלִי אֲשֶׁר מֵאֵן לָתֶת־
16 לְךָ בְכֶסֶף כִּי אֵין נָבוֹת חַי כִּי־מֵת׃ וַיְהִי כִשְׁמֹעַ אַחְאָב
כִּי מֵת נָבוֹת וַיָּקָם אַחְאָב לָרֶדֶת אֶל־כֶּרֶם נָבוֹת הַיִּזְרְעֵאלִי
17 לְרִשְׁתּוֹ׃ וַיְהִי דְּבַר־יְהוָה אֶל־אֵלִיָּהוּ הַתִּשְׁבִּי לֵאמֹר׃
18 קוּם רֵד לִקְרַאת אַחְאָב מֶלֶךְ־יִשְׂרָאֵל אֲשֶׁר בְּשֹׁמְרוֹן
19 הִנֵּה בְּכֶרֶם נָבוֹת אֲשֶׁר־יָרַד שָׁם לְרִשְׁתּוֹ׃ וְדִבַּרְתָּ אֵלָיו
לֵאמֹר כֹּה אָמַר יְהוָה הֲרָצַחְתָּ וְגַם־יָרָשְׁתָּ וְדִבַּרְתָּ אֵלָיו
לֵאמֹר כֹּה אָמַר יְהוָה בִּמְקוֹם אֲשֶׁר לָקְקוּ הַכְּלָבִים אֶת־

דיין גֶעמִיט פֶערדְרִיסְלִיךְ, אוּנְד דוּא עֶסְט
נִיט קֵיין בְּרוֹיט? 6 אוּנְד עֶר הָאט צוּ
אִיהְר גֶעזָאגְט, ווייל אִיךְ הָאבּ גֶערֶעט
מִיט נָבוֹת הַיִּזְרְעֵאלִי, אוּנְד אִיךְ הָאבּ צוּ
אִיהְם גֶעזָאגְט, גִיבּ מִיר דֵיין ווַיינְגָארְטֶען
פַאר גֶעלְד, אָדֶער וֶוען דוּא ווִילְסְט, וֶועל
אִיךְ דִיר אֵיין אַנְדֶערְן ווַיינְגָארְטֶען גֶעבֶּען,
אָבֶּער עֶר הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ ווִיל דִיר
נִיט גֶעבֶּען מֵיין ווַיינְגָארְטֶען׃ 7 אוּנְד זַיין
ווַייבּ אִיזֶבֶל הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט. דוּא
טְהוּסְט יֶעצְט רֶעגִירֶען אִיבֶּער יִשְׂרָאֵל?
שְׁטֵייא אוֹיף אוּנְד עֶס בְּרוֹיט,, אוּנְד לָאז
דֵיין הַארְץ פוּן גוּטֶען מוּטְה זַיין, אִיךְ
וֶועל דִיר גֶעבֶּען דֶעם ווַיינְגָארְטֶען פוּן
נָבוֹת הַיִּזְרְעֵאלִי׃ 8 אוּנְד זִיא הָאט גֶע־
שְׁרִיבֶּען בְּרִיף אִים נָאמֶען פוּן אַחְאָב,
אוּנְד זִיא הָאט פֶערְזִיגֶעלְט מִיט זַיין חוֹתָם,
אוּנְד זִיא הָאט דִיא בְּרִיף גֶעשִׁיקְט צוּ
דִיא עֶלְצְטֶע אוּנְד צוּ דִיא אוֹיבֶּערְשְׁטֶע
פוּן זַיינֶע שְׁטָאט, וָואס ווְאוֹינֶען בֵּייא
נָבוֹת׃ 9 אוּנְד זִיא הָאט אִין דֶעם בְּרִיף
גֶעשְׁרִיבֶּען, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, רוּפְט אוֹיס אַ
פַאסְט טָאג, אוּנְד אִיהְר זָאלְט נָבוֹת
זֶעצֶען אוֹיבֶּען אָן צְווִישֶׁען דֶעם פָאלְק׃
10 אוּנְד אִיהְר זָאלְט שְׁטֶעלֶען צְווֵייא
שְׁלֶעכְטֶע מֶענְשֶׁען אִיהְם אַנְטְקֶעגֶען, אוּנְד זֵייא זָאלֶען קֶעגֶען אִיהְם צֵיינֶען, אַזוֹי צוּ
זָאגֶען, דוּא הָאסְט גֶעלֶעסְטֶערְט גָאט, אוּנְד דֶעם מֶלֶךְ, אוּנְד זֵייא זָאלֶען אִיהְם אַרוֹיס־
פִיהְרֶען, אוּנְד זָאלֶען אִיהְם שְׁטֵיינִיגֶען, אַז עֶר זָאל שְׁטַארְבֶּען׃ 11 אוּנְד דִיא לֵייט פוּן
זַיינֶע שְׁטָאט, דִיא עֶלְצְטֶע, אוּנְד דִיא אוֹיבֶּערְשְׁטֶע וָואס ווְאוֹינֶען אִין זַיינֶע שְׁטָאט,
הָאבֶּען גֶעטְהוּן ווִיא עֶס אִיז גֶעשְׁרִיבֶּען גֶעוֶועזֶען אִין דִיא בְּרִיף, וָואס זִיא הָאט צוּ
זֵייא גֶעשִׁיקְט׃ 12 זֵייא הָאבֶּען אוֹיסְגֶערוּפֶען אַ פַאסְט טָאג, אוּנְד הָאבֶּען גֶעזֶעצְט נָבוֹת
אוֹיבֶּען אָן צְווִישֶׁען דֶעם פָאלְק׃ 13 אוּנְד דִיא צְווֵייא שְׁלֶעכְטֶע מֶענְשֶׁען זֶענֶען גֶע־
קוּמֶען, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זִיךְ גֶעזֶעצְט אִיהְם אַנְטְקֶעגֶען, אוּנְד דִיא שְׁלֶעכְטֶע מֶענְשֶׁען
הָאבֶּען גֶעצֵייגְט אוֹיף נָבוֹת קֶעגֶען דֶעם פָאלְק, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, נָבוֹת הָאט גֶעלֶעסְטֶערְט
גָאט אוּנְד דֶעם מֶלֶךְ, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אִיהְם אַרוֹיסְגֶעפִיהְרְט אוֹיס דֶער שְׁטָאט, אוּנְד
זֵייא הָאבֶּען אִיהְם גֶעשְׁטֵיינִיגְט מִיט שְׁטֵיינֶער, אוּנְד עֶר אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען׃ 14 אוּנְד
זֵייא הָאבֶּען גֶעשִׁיקְט צוּ אִיזֶבֶל, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, נָבוֹת אִיז גֶעשְׁטֵיינִיגְט, אוּנְד עֶר אִיז
טוֹיט׃ 15 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען וֶוען אִיזֶבֶל הָאט גֶעהֶערְט, אַז נָבוֹת אִיז גֶעשְׁטֵיינִיגְט
גֶעוָוארֶען, אוּנְד עֶר אִיז טוֹיט, הָאט אִיזֶבֶל גֶעזָאגְט צוּ אַחְאָב, שְׁטֵייא אוֹיף, אוּנְד עֶרְבּ
דֶעם ווַיינְגָארְטֶען פוּן נָבוֹת הַיִּזְרְעֵאלִי, וָואס עֶר הָאט דִיר נִיט גֶעוָואלְט גֶעבֶּען פַאר
גֶעלְד, וָוארִין נָבוֹת לֶעבְּט שׁוֹין נִיט מֶעהְר, נֵייעֶרְט עֶר אִיז טוֹיט׃ 16 אוּנְד וֶוען
אַחְאָב הָאט גֶעהֶערְט אַז נָבוֹת אִיז טוֹיט, אִיז עֶר אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען, כְּדֵי אַרוּפְצוּגֵיין צוּ
דֶעם ווַיינְגָארְטֶען פוּן נָבוֹת הַיִּזְרְעֵאלִי אוּם אִיהְם צוּ עֶרְבֶּען׃ 17 אוּנְד דָאס
וָוארְט פוּן דֶעם הַאר, אִיז גֶעוֶועזֶען צוּ אֵלִיָּהוּ הַתִּשְׁבִּי, אַזוֹי צוּ זָאגֶען׃ 18 שְׁטֵייא
אוֹיף, אוּנְד גֵייא אַרוּפּ אַנְטְקֶעגֶען אַחְאָב קֶענִיג פוּן יִשְׂרָאֵל וָואס אִיז אִין שֹׁמְרוֹן,
זֶעה עֶר אִיז אִין דֶעם ווַיינְגָארְטֶען פוּן נָבוֹת ווְאוּ אַהִין עֶר אִיז אַרוּפְגֶעגַאנְגֶען
אִיהְם צוּ עֶרְבֶּען׃ 19 אוּנְד דוּא זָאלְסְט צוּ אִיהְם רֶעדֶען, אַזוֹי צוּ זָאגֶען,
אַזוֹי הָאט דֶער הַאר גֶעזָאגְט, הָאסְט דוּא טוֹיט גֶעשְׁלָאגֶען, אוּנְד ווִילְסְט דוּא
אוֹיךְ יַרְשְׁנֶ׳ן? אוּנְד דוּא זָאלְסְט צוּ אִיהְם רֶעדֶען אַזוֹי צוּ זָאגֶען, אַזוֹי הָאט
דֶער הַאר גֶעזָאגְט, אִין דֶעם אָרְט ווְאוּ דִיא הִינְט הָאבֶּען גֶעלֶעקְט דָאס

כ דַּם נָבוֹת יָלֹקּוּ הַכְּלָבִים אֶת־דָּמְךָ גַּם־אָתָּה׃ וַיֹּאמֶר
אַחְאָב אֶל־אֵלִיָּהוּ הַמְצָאתַנִי אֹיְבִי וַיֹּאמֶר מָצָאתִי יַעַן
21 הִתְמַכֶּרְךָ לַעֲשׂוֹת הָרַע בְּעֵינֵי יְהֹוָה׃ הִנְנִי מֵבִי אֵלֶיךָ
רָעָה וּבִעַרְתִּי אַחֲרֶיךָ וְהִכְרַתִּי לְאַחְאָב מַשְׁתִּין בְּקִיר
22 וְעָצוּר וְעָזוּב בְּיִשְׂרָאֵל׃ וְנָתַתִּי אֶת־בֵּיתְךָ כְּבֵית יָרָבְעָם
בֶּן־נְבָט וּכְבֵית בַּעְשָׁא בֶן־אֲחִיָּה אֶל־הַכַּעַס אֲשֶׁר הִכְעַסְתָּ
23 וַתַּחֲטִא אֶת־יִשְׂרָאֵל׃ וְגַם־לְאִיזֶבֶל דִּבֶּר יְהֹוָה לֵאמֹר
24 הַכְּלָבִים יֹאכְלוּ אֶת־אִיזֶבֶל בְּחֵל יִזְרְעֶאל׃ הַמֵּת לְאַחְאָב
בָּעִיר יֹאכְלוּ הַכְּלָבִים וְהַמֵּת בַּשָּׂדֶה יֹאכְלוּ עוֹף הַשָּׁמָיִם׃
כה רַק לֹא־הָיָה כְאַחְאָב אֲשֶׁר הִתְמַכֵּר לַעֲשׂוֹת הָרַע בְּעֵינֵי
26 יְהֹוָה אֲשֶׁר־הֵסַתָּה אֹתוֹ אִיזֶבֶל אִשְׁתּוֹ׃ וַיַּתְעֵב מְאֹד
לָלֶכֶת אַחֲרֵי הַגִּלֻּלִים כְּכֹל אֲשֶׁר עָשׂוּ הָאֱמֹרִי אֲשֶׁר
27 הוֹרִישׁ יְהֹוָה מִפְּנֵי בְּנֵי יִשְׂרָאֵל׃ וַיְהִי כִשְׁמֹעַ אַחְאָב אֶת־
הַדְּבָרִים הָאֵלֶּה וַיִּקְרַע בְּגָדָיו וַיָּשֶׂם־שַׂק עַל־בְּשָׂרוֹ וַיָּצוֹם
28 וַיִּשְׁכַּב בַּשָּׂק וַיְהַלֵּךְ אַט׃ וַיְהִי דְּבַר־יְהֹוָה אֶל־
29 אֵלִיָּהוּ הַתִּשְׁבִּי לֵאמֹר׃ הֲרָאִיתָ כִּי־נִכְנַע אַחְאָב מִלְּפָנָי
יַעַן כִּי־נִכְנַע מִפָּנַי לֹא־אָבִא הָרָעָה בְּיָמָיו בִּימֵי בְנוֹ אָבִיא
הָרָעָה עַל־בֵּיתוֹ׃

## כב

כב

א וַיֵּשְׁבוּ שָׁלֹשׁ שָׁנִים אֵין מִלְחָמָה בֵּין אֲרָם וּבֵין יִשְׂרָאֵל׃
2 וַיְהִי בַּשָּׁנָה הַשְּׁלִישִׁית וַיֵּרֶד יְהוֹשָׁפָט מֶלֶךְ־יְהוּדָה
3 אֶל־מֶלֶךְ יִשְׂרָאֵל׃ וַיֹּאמֶר מֶלֶךְ־יִשְׂרָאֵל אֶל־עֲבָדָיו
הַיְדַעְתֶּם כִּי־לָנוּ רָמֹת גִּלְעָד וַאֲנַחְנוּ מַחְשִׁים מִקַּחַת אֹתָהּ
4 מִיַּד מֶלֶךְ אֲרָם׃ וַיֹּאמֶר אֶל־יְהוֹשָׁפָט הֲתֵלֵךְ אִתִּי
לַמִּלְחָמָה רָמֹת גִּלְעָד וַיֹּאמֶר יְהוֹשָׁפָט אֶל־מֶלֶךְ יִשְׂרָאֵל
ה כָּמוֹנִי כָמוֹךָ כְּעַמִּי כְעַמֶּךָ כְּסוּסַי כְּסוּסֶיךָ׃ וַיֹּאמֶר יְהוֹשָׁפָט
6 אֶל־מֶלֶךְ יִשְׂרָאֵל דְּרָשׁ־נָא כַיּוֹם אֶת־דְּבַר יְהֹוָה׃ וַיִּקְבֹּץ

בְּלוּט פוּן נָבוֹת, וועלען אוֹיךְ הִינְט דֵיין בְּלוּט לֶעקֶען׃ 20 אוּנְד אַחְאָב הָאט גֶעזָאגְט צוּ אֵלִיָּהוּ, הָאסְט דוּא מִיךְ גֶעפוּנֶען, מֵיין פֵיינְד? אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ הָאבּ (דִיךְ) גֶעפוּנֶען, וֵוייל דוּא הָאסְט דִיךְ פֶערְקוֹיפְט צוּ טְהוּן דָאס שְׁלֶעכְטֶע אִין דִיא אוֹיגֶען פוּן דֶעם הַאר׃ 21 זֶעה, אִיךְ בְּרֶענְג אוֹיף דִיר אֵיין אוּנְגְלִיק, אוּנְד אִיךְ וֶועל נָאךְ דִיר אוֹיסְקֶעהְרֶען, אוּנְד אִיךְ וֶועל פֶערְטִילִיגֶען צוּ אַחְאָב, אוֹיךְ דֶעם וָואס פִּיסְט אַן דִיא וַואנְד, אוּנְד דֶער וָואס אִיז פֶערְשְׁלָאסֶען, אוּנְד אִיבֶּערְגֶע־לָאזְט אוּנְטֶער יִשְׂרָאֵל׃ 22 אוּנְד אִיךְ וֶועל דֵיין הוֹיז מַאכֶען, אַזוֹי וִויא דָאס הוֹיז פוּן יָרָבְעָם בֶּן נְבָט, אוּנְד אַזוֹי וִויא דָאס הוֹיז פוּן בַּעְשָׁא בֶּן אֲחִיָּה, וֶועגֶען דֶעם צָארְן וָואס דוּא הָאסְט דֶערְצָארְנְט, אוּנְד דוּא הָאסְט יִשְׂרָאֵל גֶעמַאכְט זִינְ־דִיגֶען׃ 23 אוּנְד אוֹיךְ וֶועגֶען אִיזֶבֶל הָאט דֶער הַאר גֶערֶעט, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, דִיא הִינְד וֶועלֶען פְרֶעסֶען אִיזֶבֶל, אַן דִיא מוֹיעֶר פוּן יִזְרְעֶאל׃ 24 וֶוער פוּן אַחְאָב וֶועט שְׁטַארְבֶּען אִין דִיא שְׁטָאט, וֶועלֶען דִיא הִינְט פְרֶעסֶען, אוּנְד דֶער וָואס וֶועט שְׁטַארְבֶּען אִין דֶעם פֶעלְד, וֶועלֶען דִיא פֵייגֶעל פוּן אוּנְטֶער דֶעם הִימֶעל פְרֶעסֶען׃ 25 אָבֶּער עֶס וַואר נִיט אֵיינֶער וִויא אַחְאָב, וָואס הָאט זִיךְ פַארְקוֹיפְט צוּ טְהוּן דָאס שְׁלֶעכְטֶע אִין דִיא אוֹיגֶען פוּן דֶעם הַאר, וֵוייל זֵיין וַוייבּ אִיזֶבֶל הָאט אִיהְם פַארְפִיהְרְט׃ 26 אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ זֶעהְר אוּנְ־ווִירְדִיג גֶעמַאכְט צוּ גֵיין נָאךְ דִיא גֶעצֶען, אַזוֹי וִויא אַלֶעס וָואס דֶער אֱמוֹרִי הָאט גֶעטְהוּן, וָואס דֶער הַאר הָאט פֶערְטְרִיבֶּען פַאר דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל׃ 27 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אַלְס אַחְאָב הָאט גֶעהֶערְט דִיא דָאזִיגֶע ווֶערְטֶער, הָאט עֶר זֵיינֶע קְלֵיידֶער צֶערִיסֶען, אוּנְד עֶר הָאט אָנְגֶעטְהוּן אַ זַאק אַן זֵיין לֵייבּ, אוּנְד עֶר הָאט גֶעפַאסְט, אוּנְד עֶר הָאט אִין דֶעם זַאק גֶעשְׁלָאפֶען, אוּנְד עֶר אִיז לַאנְגְזַאם אַרוּמְגֶעגַאנְגֶען׃ 28 אוּנְד דָאס וָוארְט פוּן דֶעם הַאר אִיז גֶעוֶועזֶען צוּ אֵלִיָּהוּ הַתִּשְׁבִּי אַזוֹי צוּ זָאגֶען׃ 29 הָאסְט דוּא נִיט גֶעזֶעהֶען וִויא אַחְאָב הָאט זִיךְ פָאר מִיר אוּנְטֶערְגֶעגֶעבֶּען? וֵוייל עֶר הָאט זִיךְ פָאר מִיר גֶעדֶעמִיטִיגְט, וֶועל אִיךְ נִיט בְּרֶענְגֶען דָאס אוּנְגְלִיק אִין זֵיינֶע צֵייטֶען, אָבֶּער אִין דִיא צֵייטֶען פוּן זֵיין זוּהְן וֶועל אִיךְ בְּרֶענְגֶען דָאס אוּנְגְלִיק אוֹיף זֵיין הוֹיז׃

## קאפיטעל כב

1 אוּנְד דְרֵייא יָאהְר זֶענֶען זֵייא גֶעבְּלִיבֶּען, אוּנְד עֶס אִיז נִיט גֶעוֶועזֶען קֵיין מִלְחָמָה צְווִישֶׁען אֲרָם, אוּנְד צְווִישֶׁען יִשְׂרָאֵל׃ 2 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אִין דֶעם דְרִיטֶען יָאהְר, אַזוֹי הָאט יְהוֹשָׁפָט דֶער קֶענִיג פוּן יְהוּדָה, אַרוּפְגֶענִידֶערְט צוּ דֶעם קֶענִיג פוּן יִשְׂרָאֵל׃ 3 אוּנְד דֶער קֶענִיג פוּן יִשְׂרָאֵל הָאט גֶעזָאגְט צוּ זֵיינֶע קְנֶעכְט, ווֵייסְט אִיהְר נִיט דָאס רָמוֹת גִּלְעָד גֶעהֶערְט צוּ אוּנְס? אוּנְד מִיר שְׁווֵייגֶען שְׁטִיל, אוּנְד נֶעמֶען זִיא נִיט אַרוֹיס פוּן דִיא הַאנְד פוּן דֶעם קֶענִיג פוּן אֲרָם׃ 4 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט צוּ יְהוֹשָׁפָט, וֶועסְט דוּא מִיט מִיר גֵיין מִלְחָמָה הַאלְטֶען קֶעגֶען רָמוֹת גִּלְעָד? אוּנְד יְהוֹשָׁפָט הָאט גֶעזָאגְט צוּ דֶעם קֶענִיג פוּן יִשְׂרָאֵל, אִיךְ וֶועל זֵיין וִויא דוּא, אוּנְד מֵיין פָאלְק וִויא דֵיין פָאלְק, אוּנְד מֵיינֶע פֶערְד וִויא דֵיינֶע פֶערְד׃ 5 אוּנְד יְהוֹשָׁפָט הָאט גֶעזָאגְט צוּ דֶעם קֶענִיג פוּן יִשְׂרָאֵל, פְרֶעג אַן הֵיינְט, דָאס וָוארְט פוּן דֶעם הַאר׃ 6 אוּנְד

דער קעניג פון ישראל האט פערזאמעלט
די נביאים, פיער הונדערט מאן, אונד
ער האט צו זיי געזאגט, זאל איך גיין
קעגען רמות גלעד מלחמה צו האלטען,
אדער זאל איך עס פערמיידען? אונד
זיי האבען געזאגט, גייא ארויף, אונד
דער האר וועט (זיי) געבען אין דער
האנד פון דעם קעניג: 7 אונד יהושפט
האט אבער געזאגט, איז דען ניט נאך
מעהר דא א נביא צו דעם האר דאס
מיר זאלען פון איהם אנפרעגען? 8 אונד
דער קעניג פון ישראל האט געזאגט צו
יהושפט, עס איז נאך דא א מאן, דורך
איהם דעם האר אנצופרעגען, אבער איך
האב איהם פיינד, ווייל ער זאגט אויף
מיר קיין גוטע נביאות, נייערט שלעכ־
טעס, דאס איז מיכיהו דער זוהן פון
ימלה, אונד יהושפט האט געזאגט, לאז
דאך דער קעניג ניט אזוי זאגען: 9 אונד
דער קעניג פון ישראל האט גערופען א
בעדינטען, אונד ער האט געזאגט, ברענג
גיך מיכיהו דעם זוהן פון ימלה: 10 אונד
דער קעניג פון ישראל, אונד יהושפט דער קעניג פון יהודה, זענען געזעסען איטליכער
אויף זיין שטוהל, אנגעקליידעט אין קליידער, אין דער שייער, אן דעם איינגאנג פון
דעם טויער פון שמרון, אונד אלע נביאים האבען נביאות געזאגט פאר זיי: 11 אונד
צדקיה דער זוהן פון כנענה, האט זיך געמאכט אייזערנע הערנער, אונד ער האט
געזאגט, אזוי האט דער האר געזאגט, דערמיט וועסט דו שטויסען ארם, ביז דו
וועסט זיי פערניכטען: 12 אונד אלע נביאים האבען נביאות געזאגט, אזוי צו
זאגען, גייא ארויף קעגען רמות גלעד, אונד זייא גליקליך, אונד דער האר וועט זיא
געבען אין דיא האנד פון דעם קעניג: 13 אונד דער שליח וואס איז געגאנגען רופען
מיכיהו, האט צו איהם גערעט, אזוי צו זאגען; זעה, די נביאים רעדען אלע
איינשטימיג, גוט פאר דעם קעניג, אזוי לאז דאך אויך דיין ווארט זיין, וויא
דאס ווארט פון איינעם פון זייא, אונד דו זאלסט גוטעס רעדען: 14 אונד
מיכיהו האט געזאגט, אזוי וואהר וויא דער האר לעבט, דאס וואס דער האר
וועט צו מיר זאגען, דאס וועל איך רעדען: 15 אונד ווען ער איז געקומען צו
דעם קעניג, האט דער קעניג צו איהם געזאגט, מיכיהו, זאלען מיר גיין קעגען
רמות גלעד מלחמה צו האלטען, אדער זאלען מיר פערמיידען? אונד ער האט
צו איהם געזאגט, גייא ארויף, אונד זייא גליקליך, ווארין דער האר וועט זיא
געבען אין דיא האנד פון דעם קעניג: 16 אונד דער קעניג האט צו איהם גע־
זאגט, ביז וויא פיל מאל האב איך דיך בעשווארען דאס דו זאלסט צו מיר ניט
רעדען, נאר דיא וואהרהייט אין דעם נאמען פון דעם האר? 17 אונד ער האט
געזאגט, איך האב געזעהען גאנץ ישראל צערשפרייט אויף דיא בערג, ווי שאף
וואס האבען ניט קיין פאסטוך, אונד דער האר האט געזאגט, דיא דאזיגע האבען
ניט קיין האר, לאז זיך איטליכער צוריקקעהרען צו זיין הויז בשלום: 18 אונד
דער מלך פון ישראל האט געזאגט צו יהושפט, האב איך דיר דען ניט געזאגט
דאס ער זאגט ניט גוטע נביאות אויף מיר, נייערט שלעכטע? 19 אונד ער האט גע־
זאגט, דארום הער דאס ווארט פון דעם האר, איך האב געזעהען דעם האר זיצען אויף

מֶלֶךְ־יִשְׂרָאֵל אֶת־הַנְּבִיאִים כְּאַרְבַּע מֵאוֹת אִישׁ וַיֹּאמֶר
אֲלֵהֶם הַאֵלֵךְ עַל־רָמֹת גִּלְעָד לַמִּלְחָמָה אִם־אֶחְדָּל וַיֹּאמְרוּ
עֲלֵה וְיִתֵּן אֲדֹנָי בְּיַד הַמֶּלֶךְ: וַיֹּאמֶר יְהוֹשָׁפָט הַאֵין פֹּה 7
נָבִיא לַיהוָה עוֹד וְנִדְרְשָׁה מֵאוֹתוֹ: וַיֹּאמֶר מֶלֶךְ־יִשְׂרָאֵל׀ 8
אֶל־יְהוֹשָׁפָט עוֹד אִישׁ־אֶחָד לִדְרֹשׁ אֶת־יְהוָה מֵאֹתוֹ וַאֲנִי
שְׂנֵאתִיו כִּי לֹא־יִתְנַבֵּא עָלַי טוֹב כִּי אִם־רָע מִיכָיְהוּ בֶּן
יִמְלָה וַיֹּאמֶר יְהוֹשָׁפָט אַל־יֹאמַר הַמֶּלֶךְ כֵּן: וַיִּקְרָא מֶלֶךְ 9
יִשְׂרָאֵל אֶל־סָרִיס אֶחָד וַיֹּאמֶר מַהֲרָה מִיכָיְהוּ בֶן־יִמְלָה:
וּמֶלֶךְ יִשְׂרָאֵל וִיהוֹשָׁפָט מֶלֶךְ־יְהוּדָה יֹשְׁבִים אִישׁ עַל־ י
כִּסְאוֹ מְלֻבָּשִׁים בְּגָדִים בְּגֹרֶן פֶּתַח שַׁעַר שֹׁמְרוֹן וְכָל־
הַנְּבִיאִים מִתְנַבְּאִים לִפְנֵיהֶם: וַיַּעַשׂ לוֹ צִדְקִיָּה בֶן־כְּנַעֲנָה 11
קַרְנֵי בַרְזֶל וַיֹּאמֶר כֹּה־אָמַר יְהוָה בְּאֵלֶּה תְּנַגַּח אֶת־אֲרָם
עַד־כַּלֹּתָם: וְכָל־הַנְּבִאִים נִבְּאִים כֵּן לֵאמֹר עֲלֵה רָמֹת 12
גִּלְעָד וְהַצְלַח וְנָתַן יְהוָה בְּיַד הַמֶּלֶךְ: וְהַמַּלְאָךְ אֲשֶׁר־ 13
הָלַךְ׀ לִקְרֹא מִיכָיְהוּ דִּבֶּר אֵלָיו לֵאמֹר הִנֵּה־נָא דִּבְרֵי
הַנְּבִיאִים פֶּה־אֶחָד טוֹב אֶל־הַמֶּלֶךְ יְהִי־נָא דְבָרְךָ כִּדְבַר
אַחַד מֵהֶם וְדִבַּרְתָּ טּוֹב: וַיֹּאמֶר מִיכָיְהוּ חַי־יְהוָה כִּי אֶת־ 14
אֲשֶׁר יֹאמַר יְהוָה אֵלַי אֹתוֹ אֲדַבֵּר: וַיָּבוֹא אֶל־הַמֶּלֶךְ טו
וַיֹּאמֶר הַמֶּלֶךְ אֵלָיו מִיכָיְהוּ הֲנֵלֵךְ אֶל־רָמֹת גִּלְעָד
לַמִּלְחָמָה אִם־נֶחְדָּל וַיֹּאמֶר אֵלָיו עֲלֵה וְהַצְלַח וְנָתַן יְהוָה
בְּיַד הַמֶּלֶךְ: וַיֹּאמֶר אֵלָיו הַמֶּלֶךְ עַד־כַּמֶּה פְעָמִים אֲנִי 16
מַשְׁבִּעֶךָ אֲשֶׁר לֹא־תְדַבֵּר אֵלַי רַק־אֱמֶת בְּשֵׁם יְהוָה:
וַיֹּאמֶר רָאִיתִי אֶת־כָּל־יִשְׂרָאֵל נְפֹצִים אֶל־הֶהָרִים כַּצֹּאן 17
אֲשֶׁר אֵין־לָהֶם רֹעֶה וַיֹּאמֶר יְהוָה לֹא־אֲדֹנִים לָאֵלֶּה יָשׁוּבוּ
אִישׁ־לְבֵיתוֹ בְּשָׁלוֹם: וַיֹּאמֶר מֶלֶךְ־יִשְׂרָאֵל אֶל־יְהוֹשָׁפָט 18
הֲלוֹא אָמַרְתִּי אֵלֶיךָ לוֹא־יִתְנַבֵּא עָלַי טוֹב כִּי אִם־רָע:
וַיֹּאמֶר לָכֵן שְׁמַע דְּבַר־יְהוָה רָאִיתִי אֶת־יְהוָה יֹשֵׁב עַל־ 19

זיין

כִּסְאוֹ וְכָל־צְבָא הַשָּׁמַיִם עֹמֵד עָלָיו מִימִינוֹ וּמִשְּׂמֹאלוֹ׃
כ וַיֹּאמֶר יְהוָה מִי יְפַתֶּה אֶת־אַחְאָב וְיַעַל וְיִפֹּל בְּרָמֹת גִּלְעָד
21 וַיֹּאמֶר זֶה בְּכֹה וְזֶה אֹמֵר בְּכֹה׃ וַיֵּצֵא הָרוּחַ וַיַּעֲמֹד לִפְנֵי
22 יְהוָה וַיֹּאמֶר אֲנִי אֲפַתֶּנּוּ וַיֹּאמֶר יְהוָה אֵלָיו בַּמָּה׃ וַיֹּאמֶר
אֵצֵא וְהָיִיתִי רוּחַ שֶׁקֶר בְּפִי כָּל־נְבִיאָיו וַיֹּאמֶר תְּפַתֶּה
23 וְגַם תּוּכָל צֵא וַעֲשֵׂה־כֵן׃ וְעַתָּה הִנֵּה נָתַן יְהוָה רוּחַ שֶׁקֶר
24 בְּפִי כָּל־נְבִיאֶיךָ אֵלֶּה וַיהוָה דִּבֶּר עָלֶיךָ רָעָה׃ וַיִּגַּשׁ
צִדְקִיָּהוּ בֶן־כְּנַעֲנָה וַיַּכֶּה אֶת־מִיכָיְהוּ עַל־הַלֶּחִי וַיֹּאמֶר
כה אֵי־זֶה עָבַר רוּחַ־יְהוָה מֵאִתִּי לְדַבֵּר אוֹתָךְ׃ וַיֹּאמֶר
מִיכָיְהוּ הִנְּךָ רֹאֶה בַּיּוֹם הַהוּא אֲשֶׁר תָּבֹא חֶדֶר בְּחֶדֶר
26 לְהֵחָבֵה׃ וַיֹּאמֶר מֶלֶךְ יִשְׂרָאֵל קַח אֶת־מִיכָיְהוּ וַהֲשִׁיבֵהוּ
27 אֶל־אָמֹן שַׂר־הָעִיר וְאֶל־יוֹאָשׁ בֶּן־הַמֶּלֶךְ׃ וְאָמַרְתָּ כֹּה
אָמַר הַמֶּלֶךְ שִׂימוּ אֶת־זֶה בֵּית הַכֶּלֶא וְהַאֲכִלֻהוּ לֶחֶם
28 לַחַץ וּמַיִם לַחַץ עַד בֹּאִי בְשָׁלוֹם׃ וַיֹּאמֶר מִיכָיְהוּ אִם־
שׁוֹב תָּשׁוּב בְּשָׁלוֹם לֹא־דִבֶּר יְהוָה בִּי וַיֹּאמֶר שִׁמְעוּ
29 עַמִּים כֻּלָּם׃ וַיַּעַל מֶלֶךְ־יִשְׂרָאֵל וִיהוֹשָׁפָט מֶלֶךְ־
ל יְהוּדָה רָמֹת גִּלְעָד׃ וַיֹּאמֶר מֶלֶךְ יִשְׂרָאֵל אֶל־יְהוֹשָׁפָט
הִתְחַפֵּשׂ וָבֹא בַמִּלְחָמָה וְאַתָּה לְבַשׁ בְּגָדֶיךָ וַיִּתְחַפֵּשׂ
31 מֶלֶךְ יִשְׂרָאֵל וַיָּבוֹא בַּמִּלְחָמָה׃ וּמֶלֶךְ אֲרָם צִוָּה אֶת־
שָׂרֵי הָרֶכֶב אֲשֶׁר־לוֹ שְׁלֹשִׁים וּשְׁנַיִם לֵאמֹר לֹא תִּלָּחֲמוּ
אֶת־קָטֹן וְאֶת־גָּדוֹל כִּי אִם־אֶת־מֶלֶךְ יִשְׂרָאֵל לְבַדּוֹ׃
32 וַיְהִי כִּרְאוֹת שָׂרֵי הָרֶכֶב אֶת־יְהוֹשָׁפָט וְהֵמָּה אָמְרוּ אַךְ
מֶלֶךְ־יִשְׂרָאֵל הוּא וַיָּסֻרוּ עָלָיו לְהִלָּחֵם וַיִּזְעַק יְהוֹשָׁפָט׃
33 וַיְהִי כִּרְאוֹת שָׂרֵי הָרֶכֶב כִּי־לֹא־מֶלֶךְ יִשְׂרָאֵל הוּא וַיָּשׁוּבוּ
34 מֵאַחֲרָיו׃ וְאִישׁ מָשַׁךְ בַּקֶּשֶׁת לְתֻמּוֹ וַיַּכֶּה אֶת־מֶלֶךְ
יִשְׂרָאֵל בֵּין הַדְּבָקִים וּבֵין הַשִּׁרְיָן וַיֹּאמֶר לְרַכָּבוֹ הֲפֹךְ
לה יָדְךָ וְהוֹצִיאֵנִי מִן־הַמַּחֲנֶה כִּי הָחֳלֵיתִי׃ וַתַּעַל הַמִּלְחָמָה

זַיין שְׁטוּהְל, אוּנְד דִיא גַאנְצֶע הֶערְשַׁארֶען פוּן דֶעם הִימֶעל בֶּייא אִיהְם שְׁטֶעהֶען פוּן זַיינֶע רֶעכְטֶע זַייט, אוּנְד פוּן זַיינֶע לִינְקֶע זַייט: 20 אוּנְד דֶער הַאר הָאט גֶעזָאגְט, װֶער װֶעט אִיבֶּערְרֶעדֶען אַחְאָב, דָאס עֶר זָאל אַרוֹיפְגֵיין, אַז עֶר זָאל פַאלֶען אִין רָמוֹת גִלְעָד? אוּנְד דֶער זָאגְט אַזוֹי, אוּנְד דֶער אַנְדֶערֶער זָאגְט אַזוֹי: 21 אוּנְד דֶער גֵייסְט אִיז אַרוֹיס, אוּנְד הָאט זִיךְ גֶעשְׁטֶעלְט פָאר דֶעם הַאר, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ װֶעל אִיהְם אִיבֶּערְרֶעדֶען, אוּנְד דֶער הַאר הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, מִיט װָאס? 22 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ װֶעל אַרוֹיסְגֵיין, אוּנְד אִיךְ װֶעל זַיין אַ פַאלְשֶׁער גֵייסְט אִין דֶעם מוֹיל פוּן אַלֶע זַיינֶע נְבִיאִים, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, דוּא זָאלְסְט אִיהְם אִיבֶּערְרֶעדֶען, אוּנְד װֶעסְט עֶס אוֹיךְ קֶענֶען. גֶעה אַרוֹיס, אוּנְד טְהוּא אַזוֹי: 23 אוּנְד אַצוּנְד זֶעה, דֶער הַאר הָאט גֶעגֶעבֶּען אַ פַאלְשֶׁען גֵייסְט אִין דֶעם מוֹיל פוּן אַלֶע דָאזִיגֶע דַיינֶע נְבִיאִים, אָבֶּער דֶער הַאר הָאט שְׁלֶעכְטֶעס אִיבֶּער דִיר גֶערֶעט: 24 אוּנְד צִדְקִיָהוּ דֶער זוּהְן פוּן כְּנַעֲנָה אִיז צוּגֶעגַאנְגֶען, אוּנְד עֶר הָאט מִיכָיְהוּ גֶעשְׁלָאגֶען אוֹיף דִיא בַּאקֶען, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, װִיא אַזוֹי אִיז דֶער גֵייסְט פוּן דֶעם הַאר אִיבֶּערְגֶעגַאנְגֶען פוּן מִיר, מִיט דִיר צוּ רֶעדֶען? 25 אוּנְד מִיכָיְהוּ הָאט גֶעזָאגְט, זֶעה, דוּא װֶעסְט עֶס זֶעהֶען אִין יֶענֶעם טָאג, װֶען דוּא װֶעסְט קוּמֶען פוּן אֵיינֶע קַאמֶער אִין דִיא אַנְדֶערֶע קַאמֶער דִיךְ צוּ בֶּעהַאלְטֶען: 26 אוּנְד דֶער מֶלֶךְ פוּן יִשְׂרָאֵל הָאט גֶעזָאגְט, נֶעם מִיכָיְהוּ, אוּנְד בְּרֶענְג אִיהְם צוּ אָמוֹן דֶעם אוֹיבֶּערְשְׁטֶען פוּן דִיא שְׁטָאט, אוּנְד צוּ יוֹאָשׁ דֶעם זוּהְן פוּן דֶעם מֶלֶךְ: 27 אוּנְד דוּא זָאלְסְט זָאגֶען, אַזוֹי הָאט דֶער מֶלֶךְ גֶעזָאגְט, זֶעצְט דֶעם אֵיין אִים גֶעפֶענְגֶענִיס, אוּנְד גִיבְּט אִיהְם צוּ עֶסֶען קִימֶערְלִיכֶעם בְּרוֹיט, אוּנְד קִימֶערְלִיכֶעם װַאסֶער, בִּיז אִיךְ װֶעל בְּשָׁלוֹם װִידֶערְקוּמֶען: 28 אוּנְד מִיכָיְהוּ הָאט גֶעזָאגְט, װֶען דוּא װֶעסְט בְּשָׁלוֹם װִידֶערְקוּמֶען, אַזוֹי הָאט דֶער הַאר נִיט דוּרְךְ מִיר גֶערֶעט, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, הֶערְט צוּ אַלֶע פֶעלְקֶער! 29 אוּנְד דֶער קֶענִיג פוּן יִשְׂרָאֵל, אוּנְד יְהוֹשָׁפָט דֶער מֶלֶךְ פוּן יְהוּדָה, זֶענֶען אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען קֵיין רָמוֹת גִלְעָד: 30 אוּנְד דֶער מֶלֶךְ פוּן יִשְׂרָאֵל הָאט גֶעזָאגְט צוּ יְהוֹשָׁפָט, פֶערְשְׁטֶעל דִיךְ, אוּנְד קוּם אִין דֶער מִלְחָמָה, אוּנְד דוּא קְלֵייד אָן מֵיינֶע קְלֵיידֶער. אוּנְד דֶער מֶלֶךְ פוּן יִשְׂרָאֵל הָאט זִיךְ אוֹיךְ פֶערְשְׁטֶעלְט, אוּנְד עֶר אִיז גֶעקוּמֶען אִין דֶער מִלְחָמָה אַרֵיין: 31 אוּנְד דֶער קֶענִיג פוּן אֲרָם, הָאט גֶעבָּאטֶען דִיא אוֹיבֶּערְשְׁטֶע פוּן דִיא רַייטְװֶעגֶען, װָאס זֶענֶען צוּ אִיהְם גֶעװֶעזֶען, צְװֵייא אוּנְד דְרֵייסִיג, אַזוֹי צוּ זָאגֶען; אִיהְר זָאלְט נִיט שְׁטְרֵייטֶען קֶעגֶען דֶעם קְלֶענְסְטֶען אָדֶער גְרֶעסְטֶען, נֵייעֶרְט מִיט דֶעם קֶענִיג פוּן יִשְׂרָאֵל אַלֵיין: 32 אוּנְד עֶס אִיז גֶעװֶעזֶען װֶען דִיא אוֹיבֶּערְשְׁטֶע פוּן דִיא װֶעגֶען הָאבֶּען דֶערְזֶעהֶען יְהוֹשָׁפָט, הָאבֶּען זֵייא גֶעזָאגְט דָאס עֶר אִיז דֶער מֶלֶךְ פוּן יִשְׂרָאֵל, אַזוֹי הָאבֶּען זֵייא זִיךְ אָפְּגֶעקֶעהְרְט אִיבֶּער אִיהְם צוּ שְׁטְרֵייטֶען, אַזוֹי הָאט יְהוֹשָׁפָט גֶעשְׁרִיעֶן: 33 אוּנְד עֶס אִיז גֶעװֶעזֶען װֶען דִיא אוֹיבֶּערְשְׁטֶע פוּן דִיא װֶעגֶען הָאבֶּען דֶערְזֶעהֶען דָאס עֶר אִיז נִיט דֶער מֶלֶךְ פוּן יִשְׂרָאֵל, הָאבֶּען זֵייא זִיךְ פוּן הִינְטֶער אִיהְם צוּרִיקְגֶעקֶעהְרְט: 34 אוּנְד אַ מַאן הָאט דֶעם בּוֹיגֶען גֶעשְׁפַּאנְט אוּנְגֶערְן, אוּנְד עֶר הָאט דֶעם מֶלֶךְ פוּן יִשְׂרָאֵל גֶעשְׁלָאגֶען צְװִישֶׁען דִיא שׁוּפֶּען אוּנְד דֶעם פַּאנְצֶער, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט צוּ זַיין פוּהְרְמַאן, קֶעהְר אוּם דַיינֶע הַאנְד, אוּנְד פִיהְר מִיךְ אַרוֹיס פוּן דֶעם לַאגֶער, װָארִין אִיךְ בִּין פֶערְװָאוּנְדֶעט: 35 אוּנְד דִיא מִלְחָמָה הָאט זִיךְ גֶעשְׁטַארְקְט

אין

בַּיּוֹם הַהוּא וְהַמֶּלֶךְ הָיָה מָעֳמָד בַּמֶּרְכָּבָה נֹכַח אֲרָם
וַיָּמָת בָּעֶרֶב וַיִּצֶק דַּם־הַמַּכָּה אֶל־חֵיק הָרָכֶב׃ וַיַּעֲבֹר 36
הָרִנָּה בַּמַּחֲנֶה כְּבֹא הַשֶּׁמֶשׁ לֵאמֹר אִישׁ אֶל־עִירוֹ וְאִישׁ
אֶל־אַרְצוֹ׃ וַיָּמָת הַמֶּלֶךְ וַיָּבוֹא שֹׁמְרוֹן וַיִּקְבְּרוּ אֶת־הַמֶּלֶךְ 37
בְּשֹׁמְרוֹן׃ וַיִּשְׁטֹף אֶת־הָרֶכֶב עַל ׀ בְּרֵכַת שֹׁמְרוֹן וַיָּלֹקּוּ 38
הַכְּלָבִים אֶת־דָּמוֹ וְהַזֹּנוֹת רָחָצוּ כִּדְבַר יְהוָה אֲשֶׁר דִּבֵּר׃
וְיֶתֶר דִּבְרֵי אַחְאָב וְכָל־אֲשֶׁר עָשָׂה וּבֵית הַשֵּׁן אֲשֶׁר בָּנָה 39
וְכָל־הֶעָרִים אֲשֶׁר בָּנָה הֲלוֹא־הֵם כְּתוּבִים עַל־סֵפֶר
דִּבְרֵי הַיָּמִים לְמַלְכֵי יִשְׂרָאֵל׃ וַיִּשְׁכַּב אַחְאָב עִם־אֲבֹתָיו מ
וַיִּמְלֹךְ אֲחַזְיָהוּ בְנוֹ תַּחְתָּיו׃ וִיהוֹשָׁפָט בֶּן־אָסָא מָלַךְ 41
עַל־יְהוּדָה בִּשְׁנַת אַרְבַּע לְאַחְאָב מֶלֶךְ יִשְׂרָאֵל׃ יְהוֹשָׁפָט 42
בֶּן־שְׁלֹשִׁים וְחָמֵשׁ שָׁנָה בְּמָלְכוֹ וְעֶשְׂרִים וְחָמֵשׁ שָׁנָה
מָלַךְ בִּירוּשָׁלִָם וְשֵׁם אִמּוֹ עֲזוּבָה בַּת־שִׁלְחִי׃ וַיֵּלֶךְ בְּכָל־ 43
דֶּרֶךְ אָסָא אָבִיו לֹא־סָר מִמֶּנּוּ לַעֲשׂוֹת הַיָּשָׁר בְּעֵינֵי יְהוָה׃
אַךְ הַבָּמוֹת לֹא־סָרוּ עוֹד הָעָם מְזַבְּחִים וּמְקַטְּרִים בַּבָּמוֹת׃ 44
וַיַּשְׁלֵם יְהוֹשָׁפָט עִם־מֶלֶךְ יִשְׂרָאֵל׃ וְיֶתֶר דִּבְרֵי יְהוֹשָׁפָט מה 46
וּגְבוּרָתוֹ אֲשֶׁר־עָשָׂה וַאֲשֶׁר נִלְחָם הֲלֹא־הֵם כְּתוּבִים עַל־
סֵפֶר דִּבְרֵי הַיָּמִים לְמַלְכֵי יְהוּדָה׃ וְיֶתֶר הַקָּדֵשׁ אֲשֶׁר 47
נִשְׁאַר בִּימֵי אָסָא אָבִיו בִּעֵר מִן־הָאָרֶץ׃ וּמֶלֶךְ אֵין 48
בֶּאֱדוֹם נִצָּב מֶלֶךְ׃ יְהוֹשָׁפָט עָשָׂר אֳנִיּוֹת תַּרְשִׁישׁ לָלֶכֶת 49
אוֹפִירָה לַזָּהָב וְלֹא הָלָךְ כִּי־נִשְׁבְּרָה אֳנִיּוֹת בְּעֶצְיוֹן גָּבֶר׃
אָז אָמַר אֲחַזְיָהוּ בֶן־אַחְאָב אֶל־יְהוֹשָׁפָט יֵלְכוּ עֲבָדַי עִם־ נ
עֲבָדֶיךָ בָּאֳנִיּוֹת וְלֹא אָבָה יְהוֹשָׁפָט׃ וַיִּשְׁכַּב יְהוֹשָׁפָט 51
עִם־אֲבֹתָיו וַיִּקָּבֵר עִם־אֲבֹתָיו בְּעִיר דָּוִד אָבִיו וַיִּמְלֹךְ
יְהוֹרָם בְּנוֹ תַּחְתָּיו׃ אֲחַזְיָהוּ בֶן־אַחְאָב מָלַךְ עַל־ 52
יִשְׂרָאֵל בְּשֹׁמְרוֹן בִּשְׁנַת שְׁבַע עֶשְׂרֵה לִיהוֹשָׁפָט מֶלֶךְ
יְהוּדָה וַיִּמְלֹךְ עַל־יִשְׂרָאֵל שְׁנָתָיִם׃ וַיַּעַשׂ הָרַע בְּעֵינֵי 53

אין יענעם טאג, אונד דער מלך איז גע־
שטאנען אין דעם וואגען ענטקעגען ארם,
אונד אים אבענד איז ער געשטארבען,
אונד דאס בלוט האט געפלאסען פון
דער וואונד אינוועגדיג אין דעם וואגען:
36 אונד מען האט געלאזט אויסרופען
אין דעם לאגער ווען דיא זון איז אונ־
טערגעגאנגען, אזוי צו זאגען, איטליכער
זאל גיין צו זיינע שטאט, אונד צו זיין
לאנד: 37 אונד דער מלך איז גע־
שטארבען, אונד זייא האבען איהם גע־
בראכט קיין שמרון, אונד זייא האבען
דעם מלך בעגראבען אין שמרון: 38 אונד
מען האט דעם וואגען געוואשען בייא
דעם טייך שמרון, אונד דיא הינד האבען
געלעקט זיין בלוט, אונד מען האט דיא
כלי זיין געוואשען, נאך דעם ווארט פון
דעם האר, וואס ער האט גערעט: 39 אונד
דיא איבריגע זאכען פון אחאב, אונד
אלעס וואס ער האט געטהון, אונד דאס
הויז פון עלעפאנטביין וואס ער האט
געבויט, אונד פון אלע שטעט וואס ער
האט געבויט, זענען זייא ניט געשריבען
אין דעם בוך, פון דיא טעג־געשיכטע
פון דיא קעניגע פון ישראל? 40 אונד
אחאב האט זיך געלייגט מיט זיינע עלטערן, אונד זיין זוהן אחזיהו האט רעגירט
אנשטאט איהם: 41 אונד יהושפט דער זוהן פון אסא האט רעגירט איבער יהודה אין
דעם פירטען יאהר פון דעם מלך פון ישראל: 42 אונד יהושפט איז אלט געוועזען
פינף אונד דרייסיג יאהר, ווען ער איז געווארען מלך, אונד ער האט רעגירט פינף
אונד צוואנציג יאהר אין ירושלים, אונד דער נאמען פון זיינע מוטער איז געוועזען
עזובה דיא טאכטער פון שלחי: 43 אונד ער איז געגאנגען אין אלע וועגען פון זיין
פאטער אסא, אונד ער האט פון איהם ניט אומגעקעהרט אום צו טהון וואס איז
רעכטפארטיג אין דיא אויגען פון דעם האר: 44 נייערט דיא במות האבען זייא ניט
אפגעשאפט, דאס פאלק האט נאך געשאכטען אונד גערייכערט אויף דיא במות:
45 אונד יהושפט האט שלום געמאכט מיט דעם מלך פון ישראל: 46 אונד דיא
איבריגע זאכען וועגען יהושפט, אונד פון זיינע שטארקייט וואס ער האט געטהון,
אונד וויא ער האט מלחמה געהאלטען, זענען זייא ניט געשריבען אין דעם בוך פון
דיא טעג־געשיכטע פון דיא קעניגע פון יהודה? 47 אונד דיא איבריגע הורער, וואס
זענען איבערגעבליבען אין דיא צייטען פון זיין פאטער אסא, האט ער אויסגערוימט
פון דעם לאנד: 48 אונד אין אדום איז קיין מלך ניט געוועזען, נייערט א שטאט־
האלטער איז געוועזען דער רעגירער: 49 אונד יהושפט האט געלאזט מאכען
שיפען אין תרשיש, צו גיין קיין אופיר נאך גאלד, אבער ער איז ניט געגאנגען,
ווייל דיא שיפען זענען צערבראכען געווארען בייא עציון גבר: 50 דאמאלס
האט אחזיהו דער זוהן פון אחאב געזאגט צו יהושפט, לאזען מיינע קנעכט
מיט דיינע קנעכט גיין אין דיא שיפען, אבער יהושפט האט ניט געוואלט:
51 אונד יהושפט האט זיך געלייגט מיט זיינע עלטערן, אונד ער איז בע־
גראבען געווארען בייא זיינע עלטערן, אין דיא שטאט פון זיין פאטער דוד,
אונד זיין זוהן יהורם האט רעגירט אנשטאט איהם: 52 אחזיהו דער זוהן פון
אחאב האט רעגירט איבער ישראל אין שמרון, אין דעם זיבעצענטען יאהר פון
יהושפט דעם קעניג פון יהודה, אונד ער האט רעגירט איבער ישראל צוויא
יאהר; 53 אונד ער האט געטהון דאס וואס איז שלעכט, אין דיא אויגען

יְהוָה וַיֵּלֶךְ בְּדֶרֶךְ אָבִיו וּבְדֶרֶךְ אִמּוֹ וּבְדֶרֶךְ יָרָבְעָם בֶּן
54 נְבָט אֲשֶׁר הֶחֱטִיא אֶת־יִשְׂרָאֵל: וַיַּעֲבֹד אֶת־הַבַּעַל
וַיִּשְׁתַּחֲוֶה לוֹ וַיַּכְעֵס אֶת־יְהוָה אֱלֹהֵי יִשְׂרָאֵל כְּכֹל אֲשֶׁר
עָשָׂה אָבִיו:

פוּן דֶעם הָאר, אוּנד עֶר אִיז גֶעגַאנְגֶען
אִין דֶעם וֶועג פוּן זַיין פָאטֶער אוּנד אִין
דֶעם וֶועג פוּן זַיינֶע מוּטֶער, אוּנד אִין
דֶעם וֶועג פוּן יָרָבְעָם בֶּן נְבָט, וָואס עֶר
הָאט יִשְׂרָאֵל גֶעמַאכְט זִינְדִיגֶען: 54 אוּנְד
עֶר הָאט גֶעדִינְט דֶעם בַּעַל, אוּנְד עֶר
הָאט זִיךְ צוּ אִיהְם גֶעבִּיקְט, אוּנְד עֶר
הָאט דֶערְצָארֶענְט דֶעם הָאר, דֶעם גָאט
פוּן יִשְׂרָאֵל, אַלֶעס אַזוֹי וִויא זַיין פָאטֶער
הָאט גֶעטְהוּן:

---

# מלכים ב

## א

א 2 וַיִּפְשַׁע מוֹאָב בְּיִשְׂרָאֵל אַחֲרֵי מוֹת אַחְאָב: וַיִּפֹּל אֲחַזְיָה
בְּעַד הַשְּׂבָכָה בַּעֲלִיָּתוֹ אֲשֶׁר בְּשֹׁמְרוֹן וַיָּחַל וַיִּשְׁלַח
מַלְאָכִים וַיֹּאמֶר אֲלֵהֶם לְכוּ דִרְשׁוּ בְּבַעַל זְבוּב אֱלֹהֵי
3 עֶקְרוֹן אִם־אֶחְיֶה מֵחֳלִי זֶה: וּמַלְאַךְ יְהוָה דִּבֶּר אֶל־
אֵלִיָּה הַתִּשְׁבִּי קוּם עֲלֵה לִקְרַאת מַלְאֲכֵי מֶלֶךְ־שֹׁמְרוֹן
וְדַבֵּר אֲלֵהֶם הַמִבְּלִי אֵין־אֱלֹהִים בְּיִשְׂרָאֵל אַתֶּם הֹלְכִים
4 לִדְרֹשׁ בְּבַעַל זְבוּב אֱלֹהֵי עֶקְרוֹן: וְלָכֵן כֹּה־אָמַר יְהוָה
הַמִּטָּה אֲשֶׁר־עָלִיתָ שָּׁם לֹא־תֵרֵד מִמֶּנָּה כִּי מוֹת תָּמוּת
ה וַיֵּלֶךְ אֵלִיָּה: וַיָּשׁוּבוּ הַמַּלְאָכִים אֵלָיו וַיֹּאמֶר אֲלֵיהֶם מַה־
6 זֶּה שַׁבְתֶּם: וַיֹּאמְרוּ אֵלָיו אִישׁ ׀ עָלָה לִקְרָאתֵנוּ וַיֹּאמֶר
אֵלֵינוּ לְכוּ שׁוּבוּ אֶל־הַמֶּלֶךְ אֲשֶׁר־שָׁלַח אֶתְכֶם וְדִבַּרְתֶּם
אֵלָיו כֹּה אָמַר יְהוָה הֲמִבְּלִי אֵין־אֱלֹהִים בְּיִשְׂרָאֵל אַתָּה
שֹׁלֵחַ לִדְרֹשׁ בְּבַעַל זְבוּב אֱלֹהֵי עֶקְרוֹן לָכֵן הַמִּטָּה
7 אֲשֶׁר־עָלִיתָ שָּׁם לֹא־תֵרֵד מִמֶּנָּה כִּי־מוֹת תָּמוּת: וַיְדַבֵּר
אֲלֵהֶם מֶה מִשְׁפַּט הָאִישׁ אֲשֶׁר עָלָה לִקְרַאתְכֶם וַיְדַבֵּר
8 אֲלֵיכֶם אֶת־הַדְּבָרִים הָאֵלֶּה: וַיֹּאמְרוּ אֵלָיו אִישׁ בַּעַל

# מלכים ב

1 אוּנְד מוֹאָב הָאט ווִידֶערְגֶעשְׁפֶּענִיגְט אַן
יִשְׂרָאֵל, נָאךְ דֶעם טוֹיט פוּן אַחְאָב:
2 אוּנְד אֲחַזְיָה אִיז אַרוּפְגֶעפַאלֶען דוּרךְ
דִיא שְׁווִינְדֶעלטְרֶעפּ פוּן זַיינֶע אוֹיבֶּער־
שְׁטוּב, וָואס אִיז אִין שֹׁמְרוֹן, אוּנְד עֶר
אִיז קְרַאנְק גֶעוָוארֶען; אוּנְד עֶר הָאט גֶעשִׁיקְט שְׁלוּחִים, אוּנְד עֶר הָאט צוּ זֵייא
גֶעזָאגְט, גֵייט אוּנְד פָארְשְׁט בַּייא דֶעם בַּעַל־זְבוּב דֶעם גָאט פוּן עֶקְרוֹן, אוֹיבּ אִיךְ וֶועל
גֶעזוּנְד וֶוערֶען פוּן דִיזֶע מֵיינֶע קְרַאנְקְהֵייט: 3 אוּנְד אַ מַלְאָךְ פוּן דֶעם הָאר הָאט
גֶעזָאגְט צוּ אֵלִיָּהוּ הַתִּשְׁבִּי, שְׁטֵייא אוֹיף אוּנְד גֵייא עֶנְטְקֶעגֶען דִיא שְׁלוּחִים פוּן דֶעם
קֶענִיג פוּן שֹׁמְרוֹן, אוּנְד רֶעד צוּ זֵייא, אִיז דֶען נִיט דָא אַ גָאט אִין יִשְׂרָאֵל, וָואס אִיהְר
גֵייט צוּ פָארְשֶׁען בַּייא בַּעַל זְבוּב דֶעם גָאט פוּן עֶקְרוֹן? 4 אוּנְד דָארִיבֶּער, אַזוֹי הָאט
דֶער הָאר גֶעזָאגְט, אוֹיף דֶעם בֶּעט וָואס דוּא בִּיסְט אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען, דֶערְפוּן וֶועסְט
דוּא נִיט אַרוּפְּגֵיין, נֵייעֶרְט דוּא וֶועסְט גֶעווִיס שְׁטַארְבֶּען, אוּנְד אֵלִיָּהוּ אִיז אַוֶועקְ־
גֶעגַאנְגֶען: 5 אוּנְד וֶוען דִיא שְׁלוּחִים הָאבֶּען זִיךְ אוּמְגֶעקֶעהְרְט צוּ אִיהְם, הָאט עֶר צוּ
זֵייא גֶעזָאגְט, וָואס בֶּעדֵייטֶעט דָאס וָואס אִיהְר הָאט אֵייךְ אוּמְגֶעקֶעהְרְט? 6 אוּנְד זֵייא
הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, אַ מַאן אִיז אוּנְס עֶנְטְקֶעגֶען אַרוֹיפְגֶעקוּמֶען, אוּנְד עֶר הָאט
צוּ אוּנְס גֶעזָאגְט, גֵייט קֶעהְרְט אֵייךְ אוּם צוּ דֶעם קֶענִיג, וָואס הָאט אֵייךְ גֶעשִׁיקְט,
אוּנְד אִיהְר זָאלְט צוּ אִיהְם רֶעדֶען, אַזוֹי הָאט דֶער הָאר גֶעזָאגְט, אִיז דֶען נִיט דָא אַ
גָאט אִין יִשְׂרָאֵל, וָואס דוּא שִׁיקְסְט צוּ פָארְשֶׁען בַּייא בַּעַל־זְבוּב, דֶעם גָאט פוּן עֶקְרוֹן?
דָארוּם אוֹיף דֶעם בֶּעט וָואס דוּא בִּיסְט אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען, דֶערְפוּן וֶועסְט דוּא נִיט אַרוּפְּגֵיין,
נֵייעֶרְט דוּא וֶועסְט גֶעווִיס שְׁטַארְבֶּען: 7 אוּנְד עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶערֶעט, ווִיא אִיז דָאס
אוֹיסְזֶעהֶען פוּן דֶעם מַאן וָואס אִיז אֵייךְ עֶנְטְקֶעגֶען גֶעקוּמֶען, אוּנְד הָאט צוּ אֵייךְ גֶערֶעט
דִיא דָאזִיגֶע ווֶערְטֶער? 8 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, עֶר אִיז אַ הָארִיגֶער מַאן,

אוּנְד

שער ואזור עור אזור במתניו ויאמר אליה התשבי הוא:
9 וישלח אליו שר חמשים וחמשיו ויעל אליו והנה ישב
על־ראש ההר וידבר אליו איש האלהים המלך דבר
י רדה: ויענה אליהו וידבר אל־שר החמשים ואם־
איש אלהים אני תרד אש מן־השמים ותאכל אתך ואת־
חמשיך ותרד אש מן־השמים ותאכל אתו ואת־חמשיו:
11 וישב וישלח אליו שר־חמשים אחר וחמשיו ויען
וידבר אליו איש האלהים כה־אמר המלך מהרה
12 רדה: ויען אליה וידבר אליהם אם־איש האלהים אני
תרד אש מן־השמים ותאכל אתך ואת־חמשיך ותרד
אש־אלהים מן־השמים ותאכל אתו ואת־חמשיו:
13 וישב וישלח שר־חמשים שלשים וחמשיו ויעל ויבא
שר־החמשים השלישי ויכרע על־ברכיו ׀ לנגד
אליהו ויתחנן אליו וידבר אליו איש האלהים תיקר־
14 נא נפשי ונפש עבדיך אלה חמשים בעיניך: הנה
ירדה אש מן־השמים ותאכל את־שני שרי החמשים
הראשנים ואת־חמשיהם ועתה תיקר נפשי בעיניך:
טו וידבר מלאך יהוה אל־אליהו רד אותו אל־תירא
16 מפניו ויקם וירד אותו אל־המלך: וידבר אליו כה־
אמר יהוה יען אשר־שלחת מלאכים לדרוש בבעל זבוב
אלהי עקרון המבלי אין־אלהים בישראל לדרוש בדברו
לכן המטה אשר־עלית שם לא־תרד ממנה כי־מות
17 תמות: וימת כדבר־יהוה ׀ אשר־דבר אליהו וימלך
יהורם תחתיו בשנת שתים ליהורם בן־יהושפט מלך
18 יהודה כי לא־היה לו בן: ויתר דברי אחזיהו אשר
עשה הלוא־המה כתובים על־ספר דברי הימים למלכי
ישראל:

אונד א לעדערנער גארטעל איז אנגע־
גארטעלט אן זיינע לענדען, אונד ער
האט געזאגט, דאס איז אליהו התשבי:
9 אונד ער האט צו איהם געשיקט, איין
אויבערשטען איבער פופציג, אונד זיינע
פופציג, אונד ער איז ארויפגעגאנגען צו
איהם, אונד זעה, ער איז געזעסען אויף
דעם שפיץ בארג, אונד ער האט צו
איהם גערעט, דו א געטליכער מאן, דער
קעניג האט געזאגט, דו זאלסט ארופ־
גיין: 10 אונד אליהו האט געענטפערט
אונד ער האט געזאגט צו דעם אויי־
בערשטען פון דיא פופציג, ווען איך בין
א געטליכער מאן, אזוי זאל ארופגיין א
פייער פון הימעל, אונד זאל דיך מיט
דיינע פופציג פערברענען; אונד א פייער
איז ארופ פון דעם הימעל, אונד האט
איהם מיט זיינע פופציג פערברענט:
11 אונד ער האט ווידער געשיקט צו
איהם איין אנדערען אויבערשטען איבער
פופציג, אונד מיט זיינע פופציג, אונד
ער האט געענטפערט, אונד ער האט צו
איהם גערעט, דו א געטליכער מאן, אזוי
האט דער קעניג געזאגט, גייא געשווינד ארופ: 12 אונד אליהו האט געענטפערט,
אונד האט צו זייא געזאגט, ווען איך בין א געטליכער מאן, אזוי זאל ארופגיין א
פייער פון הימעל, אונד זאל דיך מיט דיינע פופציג פערברענען; אונד א פייער פון
גאט איז ארופ פון הימעל, אונד האט איהם, מיט זיינע פופציג פערברענט: 13 אונד
ער האט ווידער געשיקט, א דריטען אויבערשטען איבער פופציג, מיט זיינע פופציג,
אונד דער דריטער אויבערשטער איבער פופציג איז ארויפגעגאנגען, אונד ער איז
געקומען, אונד ער האט זיך געקניעט אויף זיינע קניען קעגען אליהו, אונד האט צו
איהם געבעטען, אונד ער האט צו איהם גערעט, א געטליכער מאן, לאז דאך טייער
זיין מיינע זעלע, אונד דיא זעלע פון דיינע קנעכט, דיזע פופציג, אין דיינע אויגען:
14 זעה, א פייער איז ארופ פון הימעל, אונד האט פערברענט דיא צווייא ערשטע
אויבערשטע איבער פופציג, אונד זייערע פופציג, אונד אצונד, לאז דאך מיינע זעלע
טייער זיין אין דיינע אויגען: 15 אונד א מלאך פון דעם האר האט גערעט צו אליהו,
גייא ארופ, צו איהם, דו זאלסט פאר איהם ניט מורא האבען, אונד ער איז אויפ־
געשטאנען, אונד איז מיט איהם ארופגעגאנגען צו דעם קעניג: 16 אונד ער האט צו
איהם גערעט, אזוי האט דער האר געזאגט, ווייל דו האסט געשיקט שלוחים צו
פארשען בייא בעל זבוב דעם גאט פון עקרון, איז דען ניט דא א גאט אין ישראל
זיין ווארט צו פארשען? דארום אויף דעם בעט וואס דו ביסט ארויף, דערפון וועסט
דו ניט ארופגיין, נייערט דו וועסט געווים שטארבען: 17 אונד ער איז גע־
שטארבען, אזוי ווייא דאס ווארט פון דעם האר וואס אליהו האט גערעט. אונד יהורם
האט רעגירט אנשטאט איהם, אין דעם צווייטען יאהר פון יהורם דעם זוהן פון יהושפט,
דעם מלך פון יהודה, ווארין ער האט ניט געהאט קיין זוהן: 18 אונד דיא איבריגע
זאכען פון אחזיהו, וואס ער האט געטהון, זענען זייא ניט געשריבען אין דעם בוך פון
דיא טעג־געשיכטע פון דיא קעניגע פון ישראל?

ב

ב

א ויהי בהעלות יהוה את־אליהו בסערה השמים וילך
2 אליהו ואלישע מן־הגלגל: ויאמר אליהו אל־אלישע
שב־נא פה כי יהוה שלחני עד־בית־אל ויאמר אלישע
3 חי־יהוה וחי־נפשך אם־אעזבך וירדו בית־אל: ויצאו
בני־הנביאים אשר־בית־אל אל־אלישע ויאמרו אליו
הידעת כי היום יהוה לקח את־אדניך מעל ראשך
4 ויאמר גם־אני ידעתי החשו: ויאמר לו אליהו אלישע׀
שב־נא פה כי יהוה שלחני יריחו ויאמר חי־יהוה
ה וחי־נפשך אם־אעזבך ויבאו יריחו: ויגשו בני־הנביאים׀
אשר־ביריחו אל־אלישע ויאמרו אליו הידעת כי היום
יהוה לקח את־אדניך מעל ראשך ויאמר גם־אני ידעתי
6 החשו: ויאמר לו אליהו שב־נא פה כי יהוה שלחני
הירדנה ויאמר חי־יהוה וחי־נפשך אם־אעזבך וילכו
7 שניהם: וחמשים איש מבני הנביאים הלכו ויעמדו
8 מנגד מרחוק ושניהם עמדו על־הירדן: ויקח אליהו
את־אדרתו ויגלם ויכה את־המים ויחצו הנה והנה
9 ויעברו שניהם בחרבה: ויהי כעברם ואליהו אמר
אל־אלישע שאל מה אעשה־לך בטרם אלקח מעמך
י ויאמר אלישע ויהי־נא פי־שנים ברוחך אלי: ויאמר
הקשית לשאול אם־תראה אתי לקח מאתך יהי־לך כן
11 ואם־אין לא יהיה: ויהי המה הלכים הלוך ודבר
והנה רכב־אש וסוסי אש ויפרדו בין שניהם ויעל
12 אליהו בסערה השמים: ואלישע ראה והוא מצעק
אבי׀ אבי רכב ישראל ופרשיו ולא ראהו עוד ויחזק
13 בבגדיו ויקרעם לשנים קרעים: וירם את־אדרת אליהו
14 אשר נפלה מעליו וישב ויעמד על־שפת הירדן: ויקח

## קאפיטעל ב

1 אונד עס איז געוועזען ווען דער האר האט געוואלט ארויפברענגען אליהו דורך דעם שטורעם אין הימעל, זענען אליהו אונד אלישע אוועקגעגאנגען פון גלגל: 2 אונד אליהו האט געזאגט צו אלישע, בלייב דא, ווארין דער האר האט מיך געשיקט ביז קיין בית־אל, אונד אלישע האט געזאגט, אזוי וואהר וויא דער האר לעבט, אונד דיינע זעלע לעבט, דאס איך וועל דיך ניט פערלאזען. אונד זייא האבען ארופגענידערט קיין בית־אל: 3 אונד דיא בני הנביאים וואס זענען געוועזען אין בית אל, זענען ארויסגעגאנגען צו אלישע, אונד זייא האבען צו איהם געזאגט, ווייסט דוא דאס יהוה וועט היינט דיין האר צונעמען פון דיין קאפ? אונד ער האט געזאגט, איך וויים עס אויך, שווייגט שטיל: 4 אונד אליהו האט צו איהם געזאגט, בלייב דאך דא, ווארין דער האר האט מיך געשיקט קיין יריחו, אבער ער האט געזאגט, אזוי וואהר וויא דער האר לעבט, אונד דיינע זעלע לעבט, דאס איך וועל דיך ניט פערלאזען; אונד זייא זענען געקומען קיין יריחו: 5 אונד דיא בני הנביאים וואס זענען אין יריחו, זענען צוגעגאנגען צו אלישע, אונד זייא האבען צו איהם געזאגט, ווייסט דוא דאס יהוה וועט היינט דיין האר צונעמען פון דיין קאפ? אונד ער האט געזאגט, איך וויים עס אויך, שווייגט שטיל: 6 אונד אליהו האט צו איהם געזאגט, בלייב דאך דא, ווארין דער האר האט מיך געשיקט צו דעם ירדן, אבער ער האט געזאגט, אזוי וואהר וויא דער האר לעבט, אונד דיינע זעלע לעבט, דאס איך וועל דיך ניט פערלאזען; אונד זייא זענען ביידע געגאנגען: 7 אונד דיא פופציג מענער פון דיא בני הנביאים זענען געגאנגען, אונד האבען זיך געשטעלט קעגענאיבער פון וויטען, אונד זייא ביידע זענען געשטאנען בייא דעם ירדן: 8 אונד אליהו האט גענומען זיין מאנטעל, אונד האט איהם צוזאמען געוויקעלט, אונד האט געשלאגען דאס וואסער, אונד דאס וואסער האט זיך צוטהיילט אהין אונד אהער, אונד זייא זענען ביידע דורכגעגאנגען אויף דער טריקעניס: 9 אונד עס איז געוועזען ווען זייא זענען דורכגעגאנגען, האט אליהו געזאגט צו אלישע, פערלאנג וואס איך זאל דיר טהון, איידער איך וועל פון דיר אוועקגענומען ווערען, אונד אלישע האט געזאגט, דאס דיין גייסט זאל אין מיר צווייפעלטיג זיין: 10 אונד ער האט געזאגט, דוא האסט עפעס שווערעס פערלאנגט, אבער ווען דוא וועסט מיך זעהען ווען איך וועל פון דיר צוגענומען ווערען, אזוי וועט עס צו דיר אזוי זיין, אונד ווען ניט, וועט עס ניט זיין: 11 אונד עס איז געוועזען ווען זייא זענען געגאנגען, אונד גערעדט, זעה, א פייערדיגער וואגען אונד פייערדיגע פערד האבען זייא ביידע פון אנאנדער געשיידעט, אונד אליהו איז דורך א שטורעם ארויפגעגאנגען אין הימעל: 12 אונד אלישע האט עס געזעהען, אונד ער האט געשריען, מיין פאטער, מיין פאטער, דער וואגען פון ישראל אונד זיינע רייטער! אבער ער האט איהם ניט מעהר געזעהען. אונד ער האט אנגענומען אן זיינע קליידער, אונד האט זייא צעריסען אויף צווייא שטיקער: 13 אונד ער האט אויפגעהויבען דעם מאנטעל פון אליהו, וואס איז פון איהם ארופגעפאלען, אונד האט זיך צוריקגעקעהרט, אונד האט זיך געשטעלט בייא דעם ברעג פון דעם ירדן: 14 אונד ער האט אנגענומען

דעם

את־אדרת אליהו אשר־נפלה מעליו ויכה את־המים
ויאמר איה יהוה אלהי אליהו אף־הוא ׀ ויכה את־המים
ויחצו הנה והנה ויעבר אלישע׃ ויראהו בני־הנביאים טו
אשר־ביריחו מנגד ויאמרו נחה רוח אליהו על־אלישע
ויבאו לקראתו וישתחוו־לו ארצה׃ ויאמרו אליו הנה־ 16
נא יש־את־עבדיך חמשים אנשים בני־חיל ילכו־נא
ויבקשו את־אדניך פן־נשאו רוח יהוה וישלכהו באחד
ההרים או באחת הגיאות ויאמר לא תשלחו׃ ויפצרו־ 17
בו עד־בש ויאמר שלחו וישלחו חמשים איש ויבקשו
שלשה ימים ולא מצאהו׃ וישבו אליו והוא ישב ביריחו 18
ויאמר אלהם הלוא־אמרתי אליכם אל־תלכו׃
ויאמרו אנשי העיר אל־אלישע הנה־נא מושב העיר טוב 19
כאשר אדני ראה והמים רעים והארץ משכלת׃ ויאמר כ
קחו־לי צלחית חדשה ושימו שם מלח ויקחו אליו׃ ויצא 21
אל־מוצא המים וישלך־שם מלח ויאמר כה־אמר יהוה
רפאתי למים האלה לא־יהיה משם עוד מות ומשכלת׃
וירפו המים עד היום הזה כדבר אלישע אשר דבר׃ 22
ויעל משם בית־אל והוא ׀ עלה בדרך ונערים 23
קטנים יצאו מן־העיר ויתקלסו־בו ויאמרו לו עלה
קרח עלה קרח׃ ויפן אחריו ויראם ויקללם בשם 24
יהוה ותצאנה שתים דבים מן־היער ותבקענה מהם
ארבעים ושני ילדים׃ וילך משם אל־הר הכרמל ומשם כה
שב שמרון׃

ג

ויהורם בן־אחאב מלך על־ישראל בשמרון בשנת א
שמנה עשרה ליהושפט מלך יהודה וימלך שתים־
עשרה שנה׃ ויעשה הרע בעיני יהוה רק לא כאביו 2

דעם מאנטעל פון אליהו, וואס איז
ארופגעפאלען, אונד האט געשלאגען
דאס וואסער, אונד ער האט געזאגט,
וואו איז דער הער, דער גאט פון אליהו?
אונד ער האט אויך געשלאגען דאס
וואסער, אונד זייא האבען זיך צוטהיילט
אהין אונד אהער, אונד אלישע איז דורכ־
געגאנגען: 15 אונד ווען דיא בני הנביאים
וואס זענען געוועזען אין יריחו האבען
עם קעגענאיבער געזעהען, אזוי האבען
זייא געזאגט, דער גייסט פון אליהו רוהט
אויף אלישע. אונד זייא זענען איהם
ענטקעגען געקומען, אונד זייא האבען
זיך צו איהם געבוקט, צו דער ערד:
16 אונד זייא האבען צו איהם געזאגט,
זעה, עס איז דא אונטער דיינע קנעכט
פופציג מענער, שטארקע לייט, זאלען
זייא גיין, אונד זוכען דיין הער? טאמער
האט איהם דער גייסט פון דעם הער
אוועקגעווארפען אויף איינעם פון דיא
בערג, אדער אין איינעם פון דיא טהאלען,
אונד ער האט געזאגט, איהר זאלט ניט
שיקען: 17 אונד זייא האבען איהם
שטארק געבעטען, ביז ער האט זיך גע־
שעמט (ניט איינצוויליגען) אונד ער
האט געזאגט, שיקט, אונד זייא האבען
געשיקט פופציג מענער, אונד זייא האבען געזוכט דרייא טעג, אבער זייא האבען
איהם ניט געפונען: 18 אונד זייא האבען זיך צוריקגעקעהרט צו איהם, אונד ער האט
זיך אויפגעהאלטען אין יריחו, אונד ער האט צו זייא געזאגט, האב איך אייך ניט
געזאגט, איהר זאלט ניט גיין? 19 אונד דיא פון דיא שטאט לייט האבען געזאגט
צו אלישע, זעה, עס איז גוט צו וואוינען אין דיינע שטאט, אזוי וויא מיין הער זעהט,
אבער דאס וואסער איז שלעכט, אונד דאס לאנד איז אונפרוכטבאר: 20 אונד ער
האט געזאגט, ברענגט מיר א נייע שיסעל, אונד לייגט דארטען אריין זאלץ, אונד זייא
האבען עס פאר איהם געבראכט: 21 אונד ער איז ארויסגעגאנגען, צו דיא וואסער
קוועלע, אונד האט דארטען אריינגעווארפען דאס זאלץ, אונד ער האט געזאגט, אזוי
האט דער הער געזאגט, איך האב געהיילט דאס דאזיגע וואסער, עס זאל פון דארטען
ניט מעהר זיין קיין טויט, אדער פערדארבונג: 22 אונד דאס וואסער איז געהיילט
געווארען, ביז צו דעם היינטיגען טאג, אזוי וויא דאס ווארט פון אלישע, וואס ער
האט גערעדט: 23 אונד ער איז פון דארטען ארויפגעגאנגען קיין בית אל, אונד ווען
ער איז ארויפגעגאנגען אין דעם וועג, זענען קליינע יונגען ארויסגעגאנגען פון דער
שטאט, אונד האבען געשפאט איבער איהם, אונד האבען צו איהם געזאגט, קום
ארויף דו קאהלקאפ! קום ארויף דו קאהלקאפ! 24 אונד ער האט זיך אומגע־
קעהרט, אונד ער האט זייא געזעהען, אונד ער האט זייא געשאלטען אין דעם נאמען
פון דעם הער, אונד צוויא בערען זענען ארויסגעגאנגען פון דעם וואלד, אונד זייא
האבען פון זייא צעריסען צווייא אונד פירציג קינדער: 25 פון דארטען איז
ער געגאנגען צו דעם בארג כרמל, אונד פון דארטען האט ער זיך צוריקגע־
קעהרט קיין שמרון:

## קאפיטעל ג

1 אונד יהורם דער זוהן פון אחאב, האט רעגירט איבער ישראל, אין שמרון, אין דעם אכט־
צעהנטען יאהר פון יהושפט מלך פון יהודה, אונד ער האט רעגירט צוועלף יאהר: 2 אונד ער
האט געטהון, דאס וואס איז שלעכט אין דיא אויגען פון דעם הער, נאר ניט וויא זיין פאטער

אונד

3 וּבְאִמּוֹ וַיָּסַר אֶת־מַצְּבַת הַבַּעַל אֲשֶׁר עָשָׂה אָבִיו׃ רַק
בְּחַטֹּאות יָרָבְעָם בֶּן־נְבָט אֲשֶׁר־הֶחֱטִיא אֶת־יִשְׂרָאֵל דָּבֵק
4 לֹא־סָר מִמֶּנָּה׃ וּמֵישַׁע מֶלֶךְ־מוֹאָב הָיָה נֹקֵד
וְהֵשִׁיב לְמֶלֶךְ־יִשְׂרָאֵל מֵאָה־אֶלֶף כָּרִים וּמֵאָה אֶלֶף
ה אֵילִים צָמֶר׃ וַיְהִי כְּמוֹת אַחְאָב וַיִּפְשַׁע מֶלֶךְ־מוֹאָב בְּמֶלֶךְ
6 יִשְׂרָאֵל׃ וַיֵּצֵא הַמֶּלֶךְ יְהוֹרָם בַּיּוֹם הַהוּא מִשֹּׁמְרוֹן וַיִּפְקֹד
7 אֶת־כָּל־יִשְׂרָאֵל׃ וַיֵּלֶךְ וַיִּשְׁלַח אֶל־יְהוֹשָׁפָט מֶלֶךְ־יְהוּדָה
לֵאמֹר מֶלֶךְ מוֹאָב פָּשַׁע בִּי הֲתֵלֵךְ אִתִּי אֶל־מוֹאָב
לַמִּלְחָמָה וַיֹּאמֶר אֶעֱלֶה כָּמוֹנִי כָמוֹךָ כְּעַמִּי כְעַמֶּךָ כְּסוּסַי
8 כְּסוּסֶיךָ׃ וַיֹּאמֶר אֵי־זֶה הַדֶּרֶךְ נַעֲלֶה וַיֹּאמֶר דֶּרֶךְ מִדְבַּר
9 אֱדוֹם׃ וַיֵּלֶךְ מֶלֶךְ יִשְׂרָאֵל וּמֶלֶךְ יְהוּדָה וּמֶלֶךְ אֱדוֹם
וַיָּסֹבּוּ דֶּרֶךְ שִׁבְעַת יָמִים וְלֹא־הָיָה מַיִם לַמַּחֲנֶה וְלַבְּהֵמָה
י אֲשֶׁר בְּרַגְלֵיהֶם׃ וַיֹּאמֶר מֶלֶךְ יִשְׂרָאֵל אֲהָהּ כִּי־קָרָא
יְהוָֹה לִשְׁלֹשֶׁת הַמְּלָכִים הָאֵלֶּה לָתֵת אוֹתָם בְּיַד־מוֹאָב׃
11 וַיֹּאמֶר יְהוֹשָׁפָט הַאֵין פֹּה נָבִיא לַיהוָֹה וְנִדְרְשָׁה אֶת־יְהוָֹה
מֵאוֹתוֹ וַיַּעַן אֶחָד מֵעַבְדֵי מֶלֶךְ־יִשְׂרָאֵל וַיֹּאמֶר פֹּה אֱלִישָׁע
12 בֶּן־שָׁפָט אֲשֶׁר־יָצַק מַיִם עַל־יְדֵי אֵלִיָּהוּ׃ וַיֹּאמֶר יְהוֹשָׁפָט
יֵשׁ אוֹתוֹ דְּבַר־יְהוָֹה וַיֵּרְדוּ אֵלָיו מֶלֶךְ יִשְׂרָאֵל וִיהוֹשָׁפָט
13 וּמֶלֶךְ אֱדוֹם׃ וַיֹּאמֶר אֱלִישָׁע אֶל־מֶלֶךְ יִשְׂרָאֵל מַה־לִּי
וָלָךְ לֵךְ אֶל־נְבִיאֵי אָבִיךָ וְאֶל־נְבִיאֵי אִמֶּךָ וַיֹּאמֶר לוֹ מֶלֶךְ
יִשְׂרָאֵל אַל כִּי־קָרָא יְהוָֹה לִשְׁלֹשֶׁת הַמְּלָכִים הָאֵלֶּה לָתֵת
14 אוֹתָם בְּיַד מוֹאָב׃ וַיֹּאמֶר אֱלִישָׁע חַי־יְהוָֹה צְבָאוֹת אֲשֶׁר
עָמַדְתִּי לְפָנָיו כִּי לוּלֵי פְּנֵי־יְהוֹשָׁפָט מֶלֶךְ־יְהוּדָה אֲנִי נֹשֵׂא
טו אִם־אַבִּיט אֵלֶיךָ וְאִם־אֶרְאֶךָּ׃ וְעַתָּה קְחוּ־לִי מְנַגֵּן וְהָיָה
16 כְּנַגֵּן הַמְנַגֵּן וַתְּהִי עָלָיו יַד יְהוָֹה׃ וַיֹּאמֶר כֹּה אָמַר יְהוָֹה
17 עָשֹׂה הַנַּחַל הַזֶּה גֵּבִים ׀ גֵּבִים׃ כִּי־כֹה ׀ אָמַר יְהוָֹה לֹא־
תִרְאוּ רוּחַ וְלֹא־תִרְאוּ גֶשֶׁם וְהַנַּחַל הַהוּא יִמָּלֵא מָיִם

אוּנְד וִויא זַיינֶע מוּטֶער, אוּנְד עֶר הָאט אָפְּגֶעשַׁאפְט דִיא מַצֵּבָה פוּן דֶעם בַּעַל וָואס זַיין פָאטֶער הָאט גֶעמַאכְט׃ 3 אָבֶּער אִין דִיא זִינְד פוּן יָרָבְעָם דֶער זוּהְן פוּן נְבָט, וָואס עֶר הָאט יִשְׂרָאֵל גֶעמַאכְט זִינְדִיגֶען, הָאט עֶר זִיךְ בֶּעהֶעפְט, עֶר הָאט נִיט אָפְּגֶעוֶוייכְט פוּן אִיהְר׃ 4 אוּנְד מֵישַׁע מֶלֶךְ פוּן מוֹאָב הָאט גֶעהַאט פִיל פִיה, אוּנְד עֶר הָאט גֶעגֶעבֶּען צוּ דֶעם מֶלֶךְ פוּן יִשְׂרָאֵל הוּנְדֶערְט טוֹיזֶענְד פֶּעטֶע שָׁאף אוּנְד הוּנְדֶערְט טוֹיזֶענְד וִוידֶער מִיט וָואל׃ 5 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען, וֶוען אַחְאָב אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען, הָאט דֶער מֶלֶךְ פוּן מוֹאָב וִוידֶערְגֶעשְׁפֶּענִיגְט קֶעגֶען דֶעם מֶלֶךְ פוּן יִשְׂרָאֵל׃ 6 אוּנְד דֶער מֶלֶךְ יְהוֹרָם אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען אִין יֶענֶעם טָאג פוּן שֹׁמְרוֹן, אוּנְד עֶר הָאט גֶעצֵיילְט גַאנְץ יִשְׂרָאֵל׃ 7 אוּנְד עֶר אִיז גֶעגַאנְגֶען אוּנְד עֶר הָאט גֶעשִׁיקְט צוּ יְהוֹשָׁפָט מֶלֶךְ פוּן יְהוּדָה אַזוֹי צוּ זָאגֶען, דֶער מֶלֶךְ פוּן מוֹאָב הָאט אַן מִיר וִוידֶערְגֶעשְׁפֶּענִיגְט, וֶועסְט דוּא מִיט מִיר גֵיין קֶעגֶען מוֹאָב מִלְחָמָה צוּ הַאלְטֶען? אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ וֶועל אַרוֹיפְגֵיין, אִיךְ בִּין וִויא דוּא, אוּנְד מֵיין פָאלְק וִויא דֵיין פָאלְק, אוּנְד מֵיינֶע פֶערְד וִויא דֵיינֶע פֶערְד׃ 8 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, דוּרְךְ וֶועלְכֶען וֶועג זָאלֶען מִיר אַרוֹיפְגֵיין? אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, דוּרְךְ דֶעם וֶועג אִין דֶער מִדְבַּר אֱדוֹם׃ 9 אוּנְד דֶער קֶענִיג פוּן יִשְׂרָאֵל אִיז גֶעגַאנְגֶען, אוּנְד אוֹיךְ דֶער קֶענִיג פוּן יְהוּדָה אוּנְד דֶער קֶענִיג פוּן אֱדוֹם. אוּנְד וֶוען זֵייא הָאבֶּען זִיךְ אַרוּמְגֶערִינְגֶעלְט זִיבֶּען טֶעג רֵייזֶע, אוּנְד עֶס אִיז נִיט גֶעוֶועזֶען קֵיין וַואסֶער פַאר דֶעם לַאגֶער, אוּנְד פַאר דֶעם פִיה וָואס גֵייעֶן מִיט זֵייא׃ 10 אוּנְד דֶער קֶענִיג פוּן יִשְׂרָאֵל הָאט גֶעזָאגְט, אוֹי וֵוייא! וָוארִין דֶער הַאר הָאט גֶערוּפֶען דִיא דָאזִיגֶע דְרֵייא קֶענִיגֶע, כְּדֵי זֵייא אִיבֶּערְצוּגֶעבֶּען אִין דִיא הַאנְד פוּן מוֹאָב׃ 11 אוּנְד יְהוֹשָׁפָט הָאט גֶעזָאגְט, אִיז דֶען נִיט דָא אַ נָבִיא צוּ דֶעם הַאר, דָאס מִיר זָאלֶען דוּרְךְ אִיהְם אָנְפְרֶעגֶען דֶעם הַאר? אוּנְד אֵיינֶער פוּן דִיא קְנֶעכְט פוּן דֶעם קֶענִיג פוּן יִשְׂרָאֵל הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, דָא אִיז אֱלִישָׁע דֶער זוּהְן פוּן שָׁפָט, וָואס הָאט גֶעגָאסֶען וַואסֶער אוֹיף דִיא הֶענְד פוּן אֵלִיָּהוּ׃ 12 אוּנְד יְהוֹשָׁפָט הָאט גֶעזָאגְט, בַּייא אִיהְם אִיז דָא דָאס וָוארְט פוּן דֶעם הַאר, אוּנְד זֵייא זֶענֶען צוּ אִיהְם אַרוּפְּגֶענִידֶערְט, דֶער קֶענִיג פוּן יִשְׂרָאֵל, אוּנְד יְהוֹשָׁפָט אוּנְד דֶער קֶענִיג פוּן אֱדוֹם׃ 13 אוּנְד אֱלִישָׁע הָאט גֶעזָאגְט צוּ דֶעם קֶענִיג פוּן יִשְׂרָאֵל, וָואס הָאסְט דוּא מִיט מִיר צוּ שַׁאפֶען? גֵייא צוּ דִיא נְבִיאִים פוּן דֵיין פָאטֶער, אוּנְד צוּ דִיא נְבִיאִים פוּן דֵיינֶע מוּטֶער, אוּנְד דֶער קֶענִיג פוּן יִשְׂרָאֵל הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, נֵיין, וָוארִין דֶער הַאר הָאט גֶערוּפֶען דִיא דָאזִיגֶע דְרֵייא קֶענִיגֶע כְּדֵי זֵייא אִיבֶּערְצוּגֶעבֶּען אִין דִיא הַאנְד פוּן מוֹאָב׃ 14 אוּנְד אֱלִישָׁע הָאט גֶעזָאגְט, אַזוֹי וָואהְר וִויא דֶער הַאר צְבָאוֹת לֶעבְּט, וָואס אִיךְ בִּין פָאר אִיהְם גֶעשְׁטַאנֶען, דָאס וֶוען אִיךְ וָואלְט נִיט גֶעאַכְט דָאס פָּנִים פוּן יְהוֹשָׁפָט קֶענִיג פוּן יְהוּדָה, אוֹיבּ אִיךְ הֶעט אוֹיף דִיר גֶעוָואלְט קוּקֶען, אוּנְד אוֹיבּ אִיךְ וָואלְט דִיךְ גֶעוָואלְט אָנְזֶעהֶען׃ 15 אוּנְד אַצוּנְד, בְּרֶענְגְט מִיר אַ שְׁפִּילֶער, אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען וֶוען דֶער שְׁפִּילֶער הָאט גֶעשְׁפִּילְט, אִיז דִיא הַאנְד פוּן דֶעם הַאר אוֹיף אִיהְם גֶעוֶועזֶען׃ 16 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, אַזוֹי הָאט דֶער הַאר גֶעזָאגְט, מַאכְט אוּם דִיזֶען טְהָאל גְרִיבֶּער׃ 17 וָוארִין אַזוֹי הָאט דֶער הַאר גֶעזָאגְט, אִיהְר וֶועט נִיט זֶעהֶען קֵיין וִוינְד, אוּנְד אִיהְר וֶועט נִיט זֶעהֶען קֵיין רֶעגֶען, אוּנְד דָאס דָאזִיגֶע טְהָאל וֶועט פוּל וֶוערֶען מִיט וַואסֶער,

וּשְׁתִיתֶם אַתֶּם וּמִקְנֵיכֶם וּבְהֶמְתְּכֶם׃ וְנָקַל זֹאת בְּעֵינֵי 18
יְהוָה וְנָתַן אֶת־מוֹאָב בְּיֶדְכֶם׃ וְהִכִּיתֶם כָּל־עִיר מִבְצָר 19
וְכָל־עִיר מִבְחוֹר וְכָל־עֵץ טוֹב תַּפִּילוּ וְכָל־מַעַיְנֵי־מַיִם
תִּסְתֹּמוּ וְכֹל הַחֶלְקָה הַטּוֹבָה תַּכְאִבוּ בָּאֲבָנִים׃ וַיְהִי כ
בַבֹּקֶר כַּעֲלוֹת הַמִּנְחָה וְהִנֵּה־מַיִם בָּאִים מִדֶּרֶךְ אֱדוֹם
וַתִּמָּלֵא הָאָרֶץ אֶת־הַמָּיִם׃ וְכָל־מוֹאָב שָׁמְעוּ כִּי־עָלוּ 21
הַמְּלָכִים לְהִלָּחֶם בָּם וַיִּצָּעֲקוּ מִכֹּל חֹגֵר חֲגֹרָה וָמָעְלָה
וַיַּעַמְדוּ עַל־הַגְּבוּל׃ וַיַּשְׁכִּימוּ בַבֹּקֶר וְהַשֶּׁמֶשׁ זָרְחָה עַל־ 22
הַמָּיִם וַיִּרְאוּ מוֹאָב מִנֶּגֶד אֶת הַמַּיִם אֲדֻמִּים כַּדָּם׃ וַיֹּאמְרוּ 23
דָּם זֶה הָחֳרֵב נֶחֶרְבוּ הַמְּלָכִים וַיַּכּוּ אִישׁ אֶת־רֵעֵהוּ וְעַתָּה
לַשָּׁלָל מוֹאָב׃ וַיָּבֹאוּ אֶל־מַחֲנֵה יִשְׂרָאֵל וַיָּקֻמוּ יִשְׂרָאֵל 24
וַיַּכּוּ אֶת־מוֹאָב וַיָּנֻסוּ מִפְּנֵיהֶם וַיַּכּוּ־בָהּ וְהַכּוֹת אֶת־מוֹאָב׃
וְהֶעָרִים יַהֲרֹסוּ וְכָל־חֶלְקָה טוֹבָה יַשְׁלִיכוּ אִישׁ־אַבְנוֹ כה
וּמִלְאוּהָ וְכָל־מַעְיַן־מַיִם יִסְתְּמוּ וְכָל־עֵץ־טוֹב יַפִּילוּ עַד־
הִשְׁאִיר אֲבָנֶיהָ בַּקִּיר חֲרָשֶׂת וַיָּסֹבּוּ הַקַּלָּעִים וַיַּכּוּהָ׃
וַיַּרְא מֶלֶךְ מוֹאָב כִּי־חָזַק מִמֶּנּוּ הַמִּלְחָמָה וַיִּקַּח אוֹתוֹ 26
שְׁבַע־מֵאוֹת אִישׁ שֹׁלֵף חֶרֶב לְהַבְקִיעַ אֶל־מֶלֶךְ אֱדוֹם
וְלֹא יָכֹלוּ׃ וַיִּקַּח אֶת־בְּנוֹ הַבְּכוֹר אֲשֶׁר־יִמְלֹךְ תַּחְתָּיו 27
וַיַּעֲלֵהוּ עֹלָה עַל־הַחֹמָה וַיְהִי קֶצֶף־גָּדוֹל עַל־יִשְׂרָאֵל וַיִּסְעוּ
מֵעָלָיו וַיָּשֻׁבוּ לָאָרֶץ׃

ד ד

וְאִשָּׁה אַחַת מִנְּשֵׁי בְנֵי־הַנְּבִיאִים צָעֲקָה אֶל־אֱלִישָׁע א
לֵאמֹר עַבְדְּךָ אִישִׁי מֵת וְאַתָּה יָדַעְתָּ כִּי עַבְדְּךָ הָיָה יָרֵא
אֶת־יְהוָה וְהַנֹּשֶׁה בָּא לָקַחַת אֶת־שְׁנֵי יְלָדַי לוֹ לַעֲבָדִים׃
וַיֹּאמֶר אֵלֶיהָ אֱלִישָׁע מָה אֶעֱשֶׂה־לָּךְ הַגִּידִי לִי מַה־יֶּשׁ־ 2
לָכִי בַּבָּיִת וַתֹּאמֶר אֵין לְשִׁפְחָתְךָ כֹל בַּבַּיִת כִּי אִם־אָסוּךְ
שָׁמֶן׃ וַיֹּאמֶר לְכִי שַׁאֲלִי־לָךְ כֵּלִים מִן־הַחוּץ מֵאֵת כָּל־ 3

אונד איהר וועט טרינקען, אונד אייערע בהמות: 18 אונד דאס איז נאך גרינג אין דיא אויגען פון דעם האר, אונד ער וועט איבערגעבען מואב אין אייערע האנד: 19 אונד איהר וועט שלאגען אלע פעסטע שטעט, אונד אלע אויס־דערוויילטע שטעט, אונד אלע גוטע ביימער וועט איהר מאכען פאלען, אונד אלע וואסערקוועלען וועט איהר פער־שטאפען, אונד אלע גוטע אקערפעלדער וועט איהר מיט שטיינער פערדארבען: 20 אונד עס איז געוועזען אם פריה־מארגען, ווען מען ברענגט אויף דאס שפייז־אפפער, זעה, אזוי איז וואסער אנגעקומען, דורך דעם וועג פון אדום, אונד האט פול געמאכט דאס לאנד מיט וואסער: 21 אונד ווען גאנץ מואב האבען געהערט, אז דיא קעניגע זענען ארויפ־געגאנגען מלחמה צו האלטען, אזוי האבען זייא פערזאמעלט פון איט־ליכען וואס גארטעלט אן א גארטעל, אונד דאריבער, אונד זייא האבען זיך געשטעלט בייא דער גרענעץ: 22 אונד ווען זייא זענען אויפגעשטאנען אין דער פריה, אונד דיא זון האט געשיינט אויף דעם וואסער, אזוי האט מואב געזעהען פון ענטקעגען דעם וואסער רויט וויא בלוט: 23 אונד זייא האבען געזאגט, דאס איז בלוט, דיא קעניגע זענען פערוויסט געווארען, אונד זייא האבען איינער דעם אנדערען געשלאגען אונד אצונד, (קומט) צו דעם רויב, מואב! 24 אונד ווען זייא זענען געקומען צו דעם לאגער פון ישראל, אזוי זענען דיא ישראל אויפגעשטאנען, אונד זייא האבען געשלאגען מואב, אונד זייא זענען פאר זייא אנטלאפען, אבער זייא האבען מואב געשלאגען, אונד דערשלאגען: 25 אונד זייא האבען צערטרעטען דיא שטעט, אונד אלע גוטע אקערפעלדער האבען זייא פערווארפען איטליכער מיט א שטיין, אונד זייא האבען זייא פול געמאכט, אונד דיא וואסערקוואלען האבען זייא פערשטאפט, אונד אלע גוטע ביימער האבען זייא געמאכט פאלען, ביז עס זענען נור איבערגעבליבען דיא שטיינער אין דער וואנד, אונד דיא שליידערער האבען זייא ארומ־גערינגעלט, אונד האבען זייא געשלאגען: 26 אונד ווען דער מלך פון מואב האט געזע־העןן, דאס דיא מלחמה איז צו שטארק פאר איהם, האט ער מיט זיך גענומען זיבען הונדערט מאן וואס האבען געצויגען דאס שווערד, זיך דורכצושלאגען צו דעם מלך פון אדום, אבער זייא האבען עס ניט געקאנט: 27 אונד ער האט גענומען זיין עלצטען זוהן, וואס האט געזאלט רעגירען אנשטאט איהם, אונד ער האט איהם אויפגעבראכט אלס א בראנד־אפפער אויף דער מויער, אונד ישראל זענען זעהר צארניג געווארען, אונד זייא האבען פון איהם אפגעצויגען, אונד האבען זיך צוריקגעקעהרט צו דעם לאנד:

קאפיטעל ד

1 אונד א פרויא פון דיא פרויען פון דיא בני הנביאים, האט געשריען צו אלישע, אזוי צו זאגען, דיין קנעכט, מיין מאן, איז געשטארבען, אונד דוא ווייסט דאס דיין קנעכט האט זיך געפארכטען פאר דעם האר, אונד דער שולדהאר (דער מאנער) איז געקומען צו צונעמען מיינע צוויא קינדער צו איהם פאר קנעכט: 2 אונד אלישע האט צו איהר געזאגט, וואס זאל איך דיר טהון? זאג מיר וואס דוא האסט אים הויז? אונד זיא האט געזאגט, דיינע דינסטמויד האט ניט קיין זאך אין דעם הויז, נייערט א קריגעל אייל: 3 אונד ער האט געזאגט, גייא, בארג דיר כלים פון דרויסען, פון אלע

4 שְׁכֵנָיִךְ כֵּלִים רֵקִים אַל־תַּמְעִיטִי׃ וּבָאת וְסָגַרְתְּ הַדֶּלֶת
בַּעֲדֵךְ וּבְעַד־בָּנַיִךְ וְיָצַקְתְּ עַל כָּל־הַכֵּלִים הָאֵלֶּה וְהַמָּלֵא
ה תַּסִּיעִי׃ וַתֵּלֶךְ מֵאִתּוֹ וַתִּסְגֹּר הַדֶּלֶת בַּעֲדָהּ וּבְעַד בָּנֶיהָ
6 הֵם מַגִּשִׁים אֵלֶיהָ וְהִיא מיֹצָקֶת׃ וַיְהִי ׀ כִּמְלֹאת הַכֵּלִים
וַתֹּאמֶר אֶל־בְּנָהּ הַגִּישָׁה אֵלַי עוֹד כֶּלִי וַיֹּאמֶר אֵלֶיהָ אֵין
7 עוֹד כֶּלִי וַיַּעֲמֹד הַשָּׁמֶן׃ וַתָּבֹא וַתַּגֵּד לְאִישׁ הָאֱלֹהִים
וַיֹּאמֶר לְכִי מִכְרִי אֶת־הַשֶּׁמֶן וְשַׁלְּמִי אֶת־נִשְׁיֵכִי וְאַתְּ
8 בָּנַיִכִי תִּחְיִי בַּנּוֹתָר׃ וַיְהִי הַיּוֹם וַיַּעֲבֹר אֱלִישָׁע
אֶל־שׁוּנֵם וְשָׁם אִשָּׁה גְדוֹלָה וַתַּחֲזֶק־בּוֹ לֶאֱכָל־לָחֶם וַיְהִי
9 מִדֵּי עָבְרוֹ יָסֻר שָׁמָּה לֶאֱכָל־לָחֶם׃ וַתֹּאמֶר אֶל־אִישָׁהּ
הִנֵּה־נָא יָדַעְתִּי כִּי אִישׁ אֱלֹהִים קָדוֹשׁ הוּא עֹבֵר עָלֵינוּ
י תָּמִיד׃ נַעֲשֶׂה־נָּא עֲלִיַּת־קִיר קְטַנָּה וְנָשִׂים לוֹ שָׁם מִטָּה
וְשֻׁלְחָן וְכִסֵּא וּמְנוֹרָה וְהָיָה בְּבֹאוֹ אֵלֵינוּ יָסוּר שָׁמָּה׃
11 וַיְהִי הַיּוֹם וַיָּבֹא שָׁמָּה וַיָּסַר אֶל־הָעֲלִיָּה וַיִּשְׁכַּב־שָׁמָּה׃
12 וַיֹּאמֶר אֶל־גֵּיחֲזִי נַעֲרוֹ קְרָא לַשּׁוּנַמִּית הַזֹּאת וַיִּקְרָא־
13 לָהּ וַתַּעֲמֹד לְפָנָיו׃ וַיֹּאמֶר לוֹ אֱמָר־נָא אֵלֶיהָ הִנֵּה
חָרַדְתְּ ׀ אֵלֵינוּ אֶת־כָּל־הַחֲרָדָה הַזֹּאת מֶה לַעֲשׂוֹת לָךְ
הֲיֵשׁ לְדַבֶּר־לָךְ אֶל־הַמֶּלֶךְ אוֹ אֶל־שַׂר הַצָּבָא וַתֹּאמֶר
14 בְּתוֹךְ עַמִּי אָנֹכִי יֹשָׁבֶת׃ וַיֹּאמֶר וּמֶה לַעֲשׂוֹת לָהּ וַיֹּאמֶר
טו גֵּיחֲזִי אֲבָל בֵּן אֵין־לָהּ וְאִישָׁהּ זָקֵן׃ וַיֹּאמֶר קְרָא־לָהּ
16 וַיִּקְרָא־לָהּ וַתַּעֲמֹד בַּפָּתַח׃ וַיֹּאמֶר לַמּוֹעֵד הַזֶּה כָּעֵת
חַיָּה אַתִּי חֹבֶקֶת בֵּן וַתֹּאמֶר אַל־אֲדֹנִי אִישׁ הָאֱלֹהִים
17 אַל־תְּכַזֵּב בְּשִׁפְחָתֶךָ׃ וַתַּהַר הָאִשָּׁה וַתֵּלֶד בֵּן לַמּוֹעֵד
18 הַזֶּה כָּעֵת חַיָּה אֲשֶׁר־דִּבֶּר אֵלֶיהָ אֱלִישָׁע׃ וַיִּגְדַּל הַיָּלֶד
19 וַיְהִי הַיּוֹם וַיֵּצֵא אֶל־אָבִיו אֶל־הַקֹּצְרִים׃ וַיֹּאמֶר אֶל־אָבִיו
כ רֹאשִׁי ׀ רֹאשִׁי וַיֹּאמֶר אֶל־הַנַּעַר שָׂאֵהוּ אֶל־אִמּוֹ׃ וַיִּשָּׂאֵהוּ
וַיְבִיאֵהוּ אֶל־אִמּוֹ וַיֵּשֶׁב עַל־בִּרְכֶּיהָ עַד־הַצָּהֳרַיִם וַיָּמֹת׃

דיינע שכנים, דוא זאלסט ניט וויניג ליידיגע כלים ברענגען: 4 אונד דוא זאלסט אריינגיין, אונד דוא זאלסט פער־שליסען דיא טהיר, הינטער דיר, אונד הינטער דיינע קינדער, אונד דוא זאלסט עס גיסען אין אלע דיא דאזיגע כלים, אונד דיא פולע זאלסט דוא אפריקען: 5 אונד זיא איז פון איהם אוועקגעגאנגען, אונד זיא האט פערשלאסען דיא טהיר הינטער זיך, אונד הינטער איהרע קינדער, זייא האבען צוגעברענגט אונד זיא האט געגאסען: 6 אונד עס איז געוועזען ווען דיא כלים זענען פול געווארען, האט זיא געזאגט צו איהר זוהן, ברענג מיר צו נאך א כלי, אונד ער האט צו איהר געזאגט, עס איז ניט מעהר דא קיין כלי, אונד דאס אייל האט זיך אויסגעלאזט: 7 אונד זיא איז געקומען, אונד זיא האט עס געזאגט צו דעם געטליכען מאן, אונד ער האט געזאגט, גייא, פערקויף דאס אייל, אונד בעצאל דיינע מאנער, אונד דוא אונד דיינע זיהן ווערען לעבען פון דעם איבריגען: 8 אונד עס איז געוועזען אין א טאג, ווען אלישע האט דורכגערייזט אין שונם, אונד דארט איז געוועזען א רייכע פרויא, אונד זיא האט איהם שטארק געבעטען דאס ער זאל עסען ברויט, אונד עס איז געוועזען, ווען ער האט דארטען דורכגערייזט, איז ער צו איהר אריינגעקומען ברויט צו עסען: 9 אונד זיא האט געזאגט צו איהר מאן, זעה, איך וויים דאס דער דאזיגער געטליכער מאן איז הייליג, דער וואס רייזט אימער איבער בייא אונס: 10 לאזען מיר דאך מאכען א קליינעס אויבערצימער, אונד מיר ווערען איהם דארטען אריינשטעלען א בעט, א טיש אונד א שטול, אונד א לייכטער, אונד עס וועט זיין ווען ער וועט צו אונס קומען, זאל ער דארטען אריינגיין: 11 אונד עס איז געוועזען א טאג, אונד ער איז דארטען געקומען, אונד ער איז אריין אין דעם אויבערצימער, אונד האט דארטען געלעגען: 12 אונד ער האט געזאגט צו זיין יונג גיחזי, רוף דיא שונמית, אונד ער האט זיא גערופען, אונד זיא האט זיך געשטעלט פאר איהם: 13 אונד ער האט צו איהם געזאגט, זאג דאך צו איהר, זעה, דוא האסט געזארגט פאר אונס דיא גאנצע דאזיגע זארג, וואס זאל איך דיר טהון? האסט דוא וואס צו רעדען צו דעם מלך, אדער צו דעם הויפטמאן? אונד זיא האט געזאגט, איך וואוין דאך צווישען מיין פאלק: 14 אונד ער האט געזאגט, וואס זאל מען איהר טהון? אונד גיחזי האט געזאגט, זיא האט אבער ניט קיין זוהן, אונד איהר מאן איז אלט: 15 אונד ער האט געזאגט, רוף זיא, אונד ווען ער האט זיא גערופען, האט זיא זיך געשטעלט אין דיא טהיר: 16 אונד ער האט געזאגט, צו דער דאזיגער צייט, אין א יאהר ארום זאלסט דוא האלזען א זוהן, אונד זיא האט געזאגט, ניין, מיין האר, דוא געטליכער מאן, דוא זאלסט דאך קיין ליגען זאגען צו דיינע דינסטמויד: 17 אונד דיא פרויא איז שוואנגער געווארען, אונד זיא האט געבוירען א זוהן, צו דער זעלבער צייט, אין א יאהר ארום, וויא אלישע האט צו איהר גערעט: 18 אונד ווען דאס קינד איז גרויס געווארען, אונד עס איז געוועזען אין א טאג, אזוי איז ער ארויסגעגאנגען צו זיין פאטער צו דיא שניטער: 19 אונד ער האט געזאגט צו זיין פאטער, מיין קאפ, מיין קאפ! אונד ער האט געזאגט צו דעם קנעכט, טראג איהם צו זיינע מוטער: 20 אונד ער האט איהם געטראגען, אונד געבראכט צו זיינע מוטער, אונד ער איז געזעסען אויף איהר שוים ביז מיטען טאג, אונד ער איז געשטארבען:

אונד

וַתַּעַל וַתַּשְׁכִּבֵהוּ עַל־מִטַּת אִישׁ הָאֱלֹהִים וַתִּסְגֹּר בַּעֲדוֹ 21
וַתֵּצֵא׃ וַתִּקְרָא אֶל־אִישָׁהּ וַתֹּאמֶר שִׁלְחָה נָא לִי אֶחָד 22
מִן־הַנְּעָרִים וְאַחַת הָאֲתֹנוֹת וְאָרוּצָה עַד־אִישׁ הָאֱלֹהִים
וְאָשׁוּבָה׃ וַיֹּאמֶר מַדּוּעַ אַתְּי הֹלֶכֶתי אֵלָיו הַיּוֹם לֹא־ 23
חֹדֶשׁ וְלֹא שַׁבָּת וַתֹּאמֶר שָׁלוֹם׃ וַתַּחֲבֹשׁ הָאָתוֹן וַתֹּאמֶר 24
אֶל־נַעֲרָהּ נְהַג וָלֵךְ אַל־תַּעֲצָר־לִי לִרְכֹּב כִּי אִם־אָמַרְתִּי
לָךְ׃ וַתֵּלֶךְ וַתָּבוֹא אֶל־אִישׁ הָאֱלֹהִים אֶל־הַר הַכַּרְמֶל כה
וַיְהִי כִּרְאוֹת אִישׁ־הָאֱלֹהִים אוֹתָהּ מִנֶּגֶד וַיֹּאמֶר אֶל־גֵּיחֲזִי
נַעֲרוֹ הִנֵּה הַשּׁוּנַמִּית הַלָּז׃ עַתָּה רוּץ־נָא לִקְרָאתָהּ וֶאֱמָר־ 26
לָהּ הֲשָׁלוֹם לָךְ הֲשָׁלוֹם לְאִישֵׁךְ הֲשָׁלוֹם לַיָּלֶד וַתֹּאמֶר
שָׁלוֹם׃ וַתָּבֹא אֶל־אִישׁ הָאֱלֹהִים אֶל־הָהָר וַתַּחֲזֵק בְּרַגְלָיו 27
וַיִּגַּשׁ גֵּיחֲזִי לְהָדְפָהּ וַיֹּאמֶר אִישׁ הָאֱלֹהִים הַרְפֵּה־לָהּ
כִּי־נַפְשָׁהּ מָרָה־לָהּ וַיהוָה הֶעְלִים מִמֶּנִּי וְלֹא הִגִּיד לִי׃
וַתֹּאמֶר הֲשָׁאַלְתִּי בֵן מֵאֵת אֲדֹנִי הֲלֹא אָמַרְתִּי לֹא תַשְׁלֶה 28
אֹתִי׃ וַיֹּאמֶר לְגֵיחֲזִי חֲגֹר מָתְנֶיךָ וְקַח מִשְׁעַנְתִּי בְיָדְךָ 29
וָלֵךְ כִּי־תִמְצָא אִישׁ לֹא תְבָרְכֶנּוּ וְכִי־יְבָרֶכְךָ אִישׁ לֹא
תַעֲנֶנּוּ וְשַׂמְתָּ מִשְׁעַנְתִּי עַל־פְּנֵי הַנָּעַר׃ וַתֹּאמֶר אֵם הַנַּעַר ל
חַי־יְהוָה וְחֵי־נַפְשְׁךָ אִם־אֶעֶזְבֶךָּ וַיָּקָם וַיֵּלֶךְ אַחֲרֶיהָ׃ וְגֵחֲזִי 31
עָבַר לִפְנֵיהֶם וַיָּשֶׂם אֶת־הַמִּשְׁעֶנֶת עַל־פְּנֵי הַנַּעַר וְאֵין
קוֹל וְאֵין קָשֶׁב וַיָּשָׁב לִקְרָאתוֹ וַיַּגֶּד־לוֹ לֵאמֹר לֹא הֵקִיץ
הַנָּעַר׃ וַיָּבֹא אֱלִישָׁע הַבָּיְתָה וְהִנֵּה הַנַּעַר מֵת מֻשְׁכָּב 32
עַל־מִטָּתוֹ׃ וַיָּבֹא וַיִּסְגֹּר הַדֶּלֶת בְּעַד שְׁנֵיהֶם וַיִּתְפַּלֵּל 33
אֶל־יְהוָה׃ וַיַּעַל וַיִּשְׁכַּב עַל־הַיֶּלֶד וַיָּשֶׂם פִּיו עַל־פִּיו 34
וְעֵינָיו עַל־עֵינָיו וְכַפָּיו עַל־כַּפָּו וַיִּגְהַר עָלָיו וַיָּחָם בְּשַׂר
הַיָּלֶד׃ וַיָּשָׁב וַיֵּלֶךְ בַּבַּיִת אַחַת הֵנָּה וְאַחַת הֵנָּה וַיַּעַל לה
וַיִּגְהַר עָלָיו וַיְזוֹרֵר הַנַּעַר עַד־שֶׁבַע פְּעָמִים וַיִּפְקַח הַנַּעַר
אֶת־עֵינָיו׃ וַיִּקְרָא אֶל־גֵּיחֲזִי וַיֹּאמֶר קְרָא אֶל־הַשֻּׁנַמִּית 36

21 אוּנְד זִיא אִיז אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען, אוּנְד
זִיא הָאט אִיהְם גֶעלֵייגְט אוֹיף דֶעם בֶּעט
פוּן דֶעם גֶעטְלִיכֶען מַאן, אוּנְד וֶוען זִיא
הָאט הִינְטֶער אִיהְם פֶערְשְׁלָאסֶען, אִיז זִיא
אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען׃ 22 אוּנְד זִיא הָאט גֶע־
רוּפֶען אִיהְר מַאן, אוּנְד זִיא הָאט גֶעזָאגְט,
שִׁיק מִיר דָאךְ אֵיינֶעם פוּן דִיא יוּנְגֶען,
אוּנְד אֵיינֶעם פוּן דִיא אֵייזֶעל, אוּנְד אִיךְ
וֶועל לוֹיפֶען צוּ דֶעם גֶעטְלִיכֶען מַאן,
אוּנְד אִיךְ וֶועל צוּרִיקְקֶעהְרֶען׃ 23 אוּנְד
עֶר הָאט גֶעזָאגְט, וַוארוּם זָאלְסְט דוּא צוּ
אִיהְם גֵיין, הֵיינְט אִיז דָאךְ נִיט חֹדֶשׁ
אוּנְד נִיט שַׁבָּת, אוּנְד זִיא הָאט גֶעזָאגְט,
עֶס אִיז שָׁלוֹם׃ 24 אוּנְד זִיא הָאט אָנְ־
גֶעזָאטֶעלְט דִיא אֵייזֶעלִין, אוּנְד זִיא הָאט
גֶעזָאגְט צוּ אִיהְר יוּנְג, טְרֵייבּ אוּנְד גֵייא,
דוּא זָאלְסְט מִיךְ נִיט אוֹיפְהַאלְטֶען מִיט
דֶעם רֵייטֶען, נוּר אַזוֹי וִויא אִיךְ הָאבּ צוּ
דִיר גֶעזָאגְט׃ 25 אוּנְד זִיא אִיז גֶעגַאנְגֶען,
אוּנְד זִיא אִיז אָנְגֶעקוּמֶען צוּ דֶעם גֶעטְ־
לִיכֶען מַאן צוּ דֶעם בַּארְג כַּרְמֶל. אוּנְד
עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען וֶוען דֶער גֶעטְלִיכֶער
מַאן הָאט זִיא פוּן וַוייטֶען דֶערְזֶעהֶען, אַזוֹי
הָאט עֶר גֶעזָאגְט צוּ זַיין יוּנְג גֵיחֲזִי, זֶעה,
יֶענֶע שׁוּנַמִּית אִיז דָא׃ 26 אוּנְד אַצוּנְד
לוֹיף אִיהְר עֶנְטְקֶעגֶען, אוּנְד זָאג אִיהְר,
אִיז שָׁלוֹם צוּ דִיר? אִיז שָׁלוֹם צוּ דֵיין מַאן? אִיז שָׁלוֹם צוּ דֶעם קִינְד? אוּנְד זִיא הָאט
גֶעזָאגְט, עֶס אִיז שָׁלוֹם׃ 27 אוּנְד זִיא אִיז גֶעקוּמֶען צוּ דֶעם גֶעטְלִיכֶען מַאן צוּ דֶעם
בַּארְג, אוּנְד זִיא הָאט אִיהְם אָנְגֶענוּמֶען בֵּייא זֵיינֶע פִיס, אוּנְד גֵיחֲזִי אִיז צוּגֶעגַאנְגֶען,
זִיא אַוֶועקְצוּשְׁטוֹיסֶען, אַזוֹי הָאט דֶער גֶעטְלִיכֶער מַאן גֶעזָאגְט, לָאז זִיא, וָוארִין אִיהְרֶע
זֶעלֶע אִיז בֶּעטְרִיבְּט, אוּנְד דֶער הַאר הָאט עֶס פֶערְבָּארְגֶען פוּן מִיר, אוּנְד עֶר הָאט עֶס
מִיר נִיט גֶעזָאגְט׃ 28 אוּנְד זִיא הָאט גֶעזָאגְט, הָאבּ אִיךְ דֶען גֶעבֶּעטֶען אַ זוּהְן פוּן מֵיין
הַאר? הָאבּ אִיךְ דֶען נִיט גֶעזָאגְט דָאס דוּא זָאלְסְט מִיךְ נִיט נַארֶען? 29 אוּנְד עֶר הָאט גֶע־
זָאגְט צוּ גֵיחֲזִי, גַארְטֶעל אָן דֵיינֶע לֶענְדֶען, אוּנְד נֶעם מֵיין שְׁטֶעקֶען אִין דֵיינֶע הַאנְד, אוּנְד
זֶעה, אַז דוּא וֶועסְט אָנְטְרֶעפֶען אַ מֶענְשׁ זָאלְסְט דוּא אִיהְם נִיט גְרִיסֶען, אוּנְד וֶוען אֵיינֶער
וֶועט דִיךְ גְרִיסֶען, זָאלְסְט דוּא אִיהְם נִיט עֶנְטְפֶערֶען, אוּנְד דוּא זָאלְסְט לֶעגֶען מֵיין שְׁטֶעקֶען
אוֹיף דֶעם פָּנִים פוּן דֶעם יוּנְג׃ 30 אוּנְד דִיא מוּטֶער פוּן דֶעם יוּנְג הָאט גֶעזָאגְט, אַזוֹי וָואהְר
וִויא דֶער הַאר לֶעבְּט, אוּנְד דֵיינֶע זֶעלֶע לֶעבְּט, דָאס אִיךְ וֶועל דִיךְ נִיט פֶערְלָאזֶען, אוּנְד עֶר
אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען, אוּנְד עֶר אִיז אִיהְר נָאכְגֶעגַאנְגֶען׃ 31 אוּנְד גֵיחֲזִי אִיז פָאר זֵייא גֶע־
גַאנְגֶען, אוּנְד הָאט גֶעלֶעגְט דֶעם שְׁטֶעקֶען אוֹיף דֶעם פָּנִים פוּן דֶעם יוּנְג, אוּנְד עֶס אִיז אָבֶּער
קֵיינֶע שְׁטִימֶע אוּנְד קֵיין מֶערְקֶען גֶעוֶועזֶען, אוּנְד עֶר אִיז צוּרִיקְגֶעגַאנְגֶען אִיהְם עֶנְטְקֶעגֶען,
אוּנְד הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, דֶער יוּנְג הָאט זִיךְ נִיט אוֹיפְגֶעוֶועקְט׃ 32 אוּנְד
אֱלִישָׁע אִיז גֶעקוּמֶען אִין דֶעם הוֹיז אַרֵיין, אוּנְד זֶעה, דֶער יוּנְג אִיז גֶעלֶעגֶען טוֹיט אוֹיף
זֵיין בֶּעט׃ 33 אוּנְד עֶר אִיז אַרֵיינְגֶעגַאנְגֶען, אוּנְד עֶר הָאט פֶערְשְׁלָאסֶען דִיא טְהִיר
הִינְטֶער זֵייא בֵּיידֶע, אוּנְד עֶר הָאט גֶעבֶּעטֶען צוּ דֶעם הַאר׃ 34 אוּנְד עֶר אִיז אַרוֹיפְ־
גֶעגַאנְגֶען, אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ גֶעלֶעגְט אוֹיף דֶעם קִינְד אוּנְד עֶר הָאט גֶעלֶעגְט זֵיין
מוֹיל אוֹיף זֵיין מוֹיל, אוּנְד זֵיינֶע אוֹיגֶען אוֹיף זֵיינֶע אוֹיגֶען, אוּנְד זֵיינֶע הֶענְד אוֹיף
זֵיינֶע הֶענְד, אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ אוֹיף אִיהְם אוֹיסְגֶעשְׁפְּרֵייט, אוּנְד דֶער לֵייבּ פוּן דֶעם
קִינְד הָאט זִיךְ דֶערְוַוארֶעמְט׃ 35 אוּנְד עֶר אִיז ווִידֶער גֶעגַאנְגֶען אִין דִיא שְׁטוּבּ, אַהִין
אוּנְד אַהֶער, אוּנְד אִיז אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען, אוּנְד הָאט זִיךְ אוֹיסְגֶעשְׁפְּרֵייט אוֹיף אִיהְם,
אוּנְד דֶער יוּנְג הָאט זִיבֶּען מָאל גֶענִיסְט, אוּנְד דֶער יוּנְג הָאט גֶעעֶפֶענְט זֵיינֶע אוֹיגֶען׃
36 אוּנְד עֶר הָאט גֶערוּפֶען צוּ גֵיחֲזִי, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, רוּף דִיא שׁוּנַמִּית,

אוּנְד

37 הַזֹּאת וַיִּקְרָאֶהָ וַתָּבוֹא אֵלָיו וַיֹּאמֶר שְׂאִי בְנֵךְ׃ וַתָּבֹא
וַתִּפֹּל עַל־רַגְלָיו וַתִּשְׁתַּחוּ אָרְצָה וַתִּשָּׂא אֶת־בְּנָהּ וַתֵּצֵא׃
38 וֶאֱלִישָׁע שָׁב הַגִּלְגָּלָה וְהָרָעָב בָּאָרֶץ וּבְנֵי הַנְּבִיאִים
יֹשְׁבִים לְפָנָיו וַיֹּאמֶר לְנַעֲרוֹ שְׁפֹת הַסִּיר הַגְּדוֹלָה וּבַשֵּׁל
39 נָזִיד לִבְנֵי הַנְּבִיאִים׃ וַיֵּצֵא אֶחָד אֶל־הַשָּׂדֶה לְלַקֵּט אֹרֹת
וַיִּמְצָא גֶּפֶן שָׂדֶה וַיְלַקֵּט מִמֶּנּוּ פַּקֻּעֹת שָׂדֶה מְלֹא בִגְדוֹ
מ וַיָּבֹא וַיְפַלַּח אֶל־סִיר הַנָּזִיד כִּי־לֹא יָדָעוּ׃ וַיִּצְקוּ לַאֲנָשִׁים
לֶאֱכוֹל וַיְהִי כְּאָכְלָם מֵהַנָּזִיד וְהֵמָּה צָעָקוּ וַיֹּאמְרוּ מָוֶת
41 בַּסִּיר אִישׁ הָאֱלֹהִים וְלֹא יָכְלוּ לֶאֱכֹל׃ וַיֹּאמֶר וּקְחוּ־
קֶמַח וַיַּשְׁלֵךְ אֶל־הַסִּיר וַיֹּאמֶר צַק לָעָם וְיֹאכֵלוּ וְלֹא
42 הָיָה דָּבָר רָע בַּסִּיר׃ וְאִישׁ בָּא מִבַּעַל שָׁלִשָׁה
וַיָּבֵא לְאִישׁ הָאֱלֹהִים לֶחֶם בִּכּוּרִים עֶשְׂרִים־לֶחֶם שְׂעֹרִים
43 וְכַרְמֶל בְּצִקְלֹנוֹ וַיֹּאמֶר תֵּן לָעָם וְיֹאכֵלוּ׃ וַיֹּאמֶר מְשָׁרְתוֹ
מָה אֶתֵּן זֶה לִפְנֵי מֵאָה אִישׁ וַיֹּאמֶר תֵּן לָעָם וְיֹאכֵלוּ כִּי
44 כֹה אָמַר יְהוָה אָכֹל וְהוֹתֵר׃ וַיִּתֵּן לִפְנֵיהֶם וַיֹּאכְלוּ וַיּוֹתִרוּ
כִּדְבַר יְהוָה׃

## ה

א וְנַעֲמָן שַׂר־צְבָא מֶלֶךְ־אֲרָם הָיָה אִישׁ גָּדוֹל לִפְנֵי אֲדֹנָיו
וּנְשֻׂא פָנִים כִּי־בוֹ נָתַן־יְהוָה תְּשׁוּעָה לַאֲרָם וְהָאִישׁ הָיָה
2 גִּבּוֹר חַיִל מְצֹרָע׃ וַאֲרָם יָצְאוּ גְדוּדִים וַיִּשְׁבּוּ מֵאֶרֶץ
3 יִשְׂרָאֵל נַעֲרָה קְטַנָּה וַתְּהִי לִפְנֵי אֵשֶׁת נַעֲמָן׃ וַתֹּאמֶר
אֶל־גְּבִרְתָּהּ אַחֲלֵי אֲדֹנִי לִפְנֵי הַנָּבִיא אֲשֶׁר בְּשֹׁמְרוֹן אָז
4 יֶאֱסֹף אֹתוֹ מִצָּרַעְתּוֹ׃ וַיָּבֹא וַיַּגֵּד לַאדֹנָיו לֵאמֹר כָּזֹאת
ה וְכָזֹאת דִּבְּרָה הַנַּעֲרָה אֲשֶׁר מֵאֶרֶץ יִשְׂרָאֵל׃ וַיֹּאמֶר מֶלֶךְ־
אֲרָם לֶךְ־בֹּא וְאֶשְׁלְחָה סֵפֶר אֶל־מֶלֶךְ יִשְׂרָאֵל וַיֵּלֶךְ וַיִּקַּח
בְּיָדוֹ עֶשֶׂר כִּכְּרֵי־כֶסֶף וְשֵׁשֶׁת אֲלָפִים זָהָב וְעֶשֶׂר חֲלִיפוֹת
6 בְּגָדִים׃ וַיָּבֵא הַסֵּפֶר אֶל־מֶלֶךְ יִשְׂרָאֵל לֵאמֹר וְעַתָּה כְּבוֹא

אוּנְד עֶר הָאט זִיא גֶערוּפֶען, אוּנְד װען זִיא אִיז צוּ אִיהְם גֶעקוּמֶען, הָאט עֶר גֶעזָאגְט (נֶעם) טְרָאג דַיין זוּהְן: 37 אוּנְד זִיא אִיז גֶעקוּמֶען, אוּנְד אִיז גֶעפַאלֶען צוּ זַיינֶע פִיס, אוּנְד זִיא הָאט זִיךְ גֶעבִּיקְט צוּ דֶער עֶרְד, אוּנְד זִיא הָאט גֶענוּמֶען אִיהְר זוּהְן אוּנְד זִיא אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען: 38 אוּנְד אֱלִישָׁע הָאט זִיךְ צוּרִיקְגֶעקֶעהְרְט קֵיין גִלְגָל, אוּנְד דֶער הוּנְגֶער אִיז גֶעװֶעזֶען אִין דֶעם לַאנְד, אוּנְד דִיא קִינְדֶער פוּן דִיא נְבִיאִים זֶענֶען גֶעזֶעסֶען פָאר אִיהְם, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט צוּ זַיין יוּנְג, שְׁטֶעל צוּ דֶעם גְרוֹיסֶען טָאפּ, אוּנְד קָאךְ אַ גֶערִיכְט פַאר דִיא קִינְדֶער פוּן דִיא נְבִיאִים: 39 אוּנְד אֵיינֶער אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען אִין דֶעם פֶעלְד צוּ קְלַויבֶּען קְרֵייטֶער, אוּנְד עֶר הָאט גֶעפוּנֶען װִילְדֶע װֵיינְשְׁטָאק צְװֵייגֶען, אוּנְד עֶר הָאט דֶערְפוּן אָנְגֶעקְלַייבֶּען װִילְדֶע טְרוֹיבֶּען אַ פוּל קְלֵייד, אוּנְד עֶר אִיז גֶעקוּמֶען אוּנְד הָאט עֶס צוּשְׁנִיטֶען אִין דֶעם טָאפּ אַרֵיין צוּ דֶעם גֶערִיכְט, װָארִין זַייא הָאבֶּען עֶס נִיט גֶעװוּאוּסְט: 40 אוּנְד זַייא הָאבֶּען עֶס גֶעגָאסֶען פָאר דִיא מֶענֶער צוּ עֶסֶען; אוּנְד עֶס אִיז גֶעװֶעזֶען װֶען זַייא הָאבֶּען פוּן דֶעם גֶעקֶעכְטְס גֶעגֶעסֶען, הָאבֶּען זַייא גֶעשְׁרִיעֶן אוּנְד הָאבֶּען גֶעזָאגְט, טוֹיטְלִיכֶעס אִיז אִין דֶעם טָאפּ, אַ גֶעטְלִיכֶער מַאן! אוּנְד זַייא הָאבֶּען עֶס נִיט גֶעקָאנְט עֶסֶען: 41 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, נֶעמְט אוֹיךְ מֶעהְל, אוּנְד עֶר הָאט עֶס אַרֵיינְגֶעװָארְפֶען אִין דֶעם טָאפּ; אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, גִיס עֶס פָאר דֶעם פָאלְק אַז זַייא זָאלֶען עֶס עֶסֶען, אוּנְד עֶס אִיז קֵיינֶע שְׁלֶעכְטֶע זַאךְ נִיט מֶעהְר גֶעװֶעזֶען אִין דֶעם טָאפּ: 42 אוּנְד אַ מַאן אִיז גֶעקוּמֶען פוּן בַּעַל שָׁלִשָׁה, אוּנְד עֶר הָאט גֶעבְּרַאכְט צוּ דֶעם גֶעטְלִיכֶען מַאן, בִּכּוּרִים בְּרוֹיט; צְװַאנְצִיג גֶערְשְׁטֶענֶען־בְּרוֹיט אוּנְד גְרִינֶע קֶערְנֶער אִין זַיין רֵייזֶע זַאק; אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, גֶעבּ עֶס צוּ דֶעם פָאלְק אַז זַייא זָאלֶען עֶס עֶסֶען: 43 אוּנְד זַיין דִינֶער הָאט גֶעזָאגְט, װָאס, זָאל אִיךְ דָאס גֶעבֶּען פָאר הוּנְדֶערְט מַאן? אוּנְד עֶר הָאט אָבֶּער גֶעזָאגְט, גֶעבּ עֶס צוּ דֶעם פָאלְק, אַז זַייא זָאלֶען עֶס עֶסֶען, װָארִין אַזוֹי הָאט דֶער הַאר גֶעזָאגְט, מֶען װֶעט עֶסֶען, אוּנְד עֶס װֶעט אִיבֶּערְבְּלַייבֶּען: 44 אוּנְד עֶר הָאט עֶס פָאר זַייא גֶעגֶעבֶּען אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶעגֶעסֶען, אוּנְד זַייא הָאבֶּען אִיבֶּערְגֶעלָאזְט, נָאךְ דֶעם װָארְט פוּן דֶעם הַאר:

## קאפיטעל ה

אוּנְד נַעֲמָן דֶער הוֹיפְּטמַאן פוּן דֶעם קֶענִיג אֲרָם, אִיז גֶעװֶעזֶען אַ גְרוֹיסֶער מַאן פָאר זַיין הַאר, אוּנְד אַ פָארְנֶעמֶער מַאן, װָארִין דוּרךְ אִיהְם הָאט דֶער הַאר גֶעגֶעבֶּען אַ הִילְף צוּ אֲרָם, אוּנְד דֶער מַאן אִיז גֶעװֶעזֶען אַ שְׁטַארְקֶער הֶעלְד, אָבֶּער עֶר װַאר קְרֶעצִיג: 2 אוּנְד אֲרָם זֶענֶען אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען אִין מַחֲנוֹת, אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶעפַאנְגֶען גֶענוּמֶען פוּן אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל אַ קְלֵיין מֶעדְעל; אוּנְד זִיא אִיז גֶעװֶעזֶען פָאר דִיא פְרוֹיא פוּן נַעֲמָן: 3 אוּנְד זִיא הָאט גֶעזָאגְט צוּ אִיהְרֶע הַארֶענְטֶע, הַלְוַאי װֶער מַיין הַאר פָאר דֶעם נָבִיא װָאס אִיז אִין שֹׁמְרוֹן! װָארִין עֶר הֶעט אִיהְם אוֹיסְגֶעהֵיילְט פוּן זַיינֶע קְרֶעץ: 4 אוּנְד מֶען אִיז גֶעקוּמֶען צוּ זַיין הַאר, אוּנְד מֶען הָאט גֶעזָאגְט אַזוֹי צוּ זָאגֶען; אַזוֹי אוּנְד אַזוֹי הָאט דָאס מֶעדְעל װָאס אִיז פוּן דֶעם לַאנְד יִשְׂרָאֵל, גֶערֶעט: 5 אוּנְד דֶער קֶענִיג פוּן אֲרָם הָאט גֶעזָאגְט, גֵייא, קוּם אִיךְ װֶעל שִׁיקֶען אַ בְּרִיף צוּ דֶעם קֶענִיג פוּן יִשְׂרָאֵל; אוּנְד עֶר אִיז גֶעגַאנְגֶען, אוּנְד הָאט גֶענוּמֶען אִין זַיינֶע הַאנְד, צֶעהְן צֶענְטְנֶער זִילְבֶּער, אוּנְד זֶעקְס טוֹיזֶענְד גָאלְד־שְׁטִיק אוּנְד צֶעהְן פָּאר קְלֵיידֶער: 6 אוּנְד עֶר הָאט גֶעבְּרַאכְט דֶעם בְּרִיף צוּ דֶעם קֶענִיג פוּן יִשְׂרָאֵל אַזוֹי צוּ זָאגֶען—אוּנְד אַצוּנְד, װֶען דֶער

דאזיגער

הַסֵּפֶר הַזֶּה אֵלֶיךָ הִנֵּה שָׁלַחְתִּי אֵלֶיךָ אֶת־נַעֲמָן עַבְדִּי
7 וַאֲסַפְתּוֹ מִצָּרַעְתּוֹ׃ וַיְהִי כִּקְרֹא מֶלֶךְ־יִשְׂרָאֵל אֶת־הַסֵּפֶר
וַיִּקְרַע בְּגָדָיו וַיֹּאמֶר הַאֱלֹהִים אָנִי לְהָמִית וּלְהַחֲיוֹת
כִּי־זֶה שֹׁלֵחַ אֵלַי לֶאֱסֹף אִישׁ מִצָּרַעְתּוֹ כִּי אַךְ־דְּעוּ־נָא
8 וּרְאוּ כִּי־מִתְאַנֶּה הוּא לִי׃ וַיְהִי כִּשְׁמֹעַ ׀ אֱלִישָׁע אִישׁ־
הָאֱלֹהִים כִּי־קָרַע מֶלֶךְ־יִשְׂרָאֵל אֶת־בְּגָדָיו וַיִּשְׁלַח אֶל־
הַמֶּלֶךְ לֵאמֹר לָמָּה קָרַעְתָּ בְּגָדֶיךָ יָבֹא־נָא אֵלַי וְיֵדַע כִּי
9 יֵשׁ נָבִיא בְּיִשְׂרָאֵל׃ וַיָּבֹא נַעֲמָן בְּסוּסָו וּבְרִכְבּוֹ וַיַּעֲמֹד
י פֶּתַח־הַבַּיִת לֶאֱלִישָׁע׃ וַיִּשְׁלַח אֵלָיו אֱלִישָׁע מַלְאָךְ לֵאמֹר
הָלוֹךְ וְרָחַצְתָּ שֶׁבַע־פְּעָמִים בַּיַּרְדֵּן וְיָשֹׁב בְּשָׂרְךָ לְךָ וּטְהָר׃
11 וַיִּקְצֹף נַעֲמָן וַיֵּלַךְ וַיֹּאמֶר הִנֵּה אָמַרְתִּי אֵלַי ׀ יֵצֵא יָצוֹא
וְעָמַד וְקָרָא בְּשֵׁם־יְהוָה אֱלֹהָיו וְהֵנִיף יָדוֹ אֶל־הַמָּקוֹם
12 וְאָסַף הַמְּצֹרָע׃ הֲלֹא טוֹב אֲבָנָה וּפַרְפַּר נַהֲרוֹת דַּמֶּשֶׂק
מִכֹּל מֵימֵי יִשְׂרָאֵל הֲלֹא־אֶרְחַץ בָּהֶם וְטָהָרְתִּי וַיִּפֶן
13 וַיֵּלֶךְ בְּחֵמָה׃ וַיִּגְּשׁוּ עֲבָדָיו וַיְדַבְּרוּ אֵלָיו וַיֹּאמְרוּ אָבִי
דָּבָר גָּדוֹל הַנָּבִיא דִּבֶּר אֵלֶיךָ הֲלוֹא תַעֲשֶׂה וְאַף כִּי־אָמַר
14 אֵלֶיךָ רְחַץ וּטְהָר׃ וַיֵּרֶד וַיִּטְבֹּל בַּיַּרְדֵּן שֶׁבַע פְּעָמִים
כִּדְבַר אִישׁ הָאֱלֹהִים וַיָּשָׁב בְּשָׂרוֹ כִּבְשַׂר נַעַר קָטֹן וַיִּטְהָר׃
טו וַיָּשָׁב אֶל־אִישׁ הָאֱלֹהִים הוּא וְכָל־מַחֲנֵהוּ וַיָּבֹא וַיַּעֲמֹד
לְפָנָיו וַיֹּאמֶר הִנֵּה־נָא יָדַעְתִּי כִּי אֵין אֱלֹהִים בְּכָל־הָאָרֶץ
16 כִּי אִם־בְּיִשְׂרָאֵל וְעַתָּה קַח־נָא בְרָכָה מֵאֵת עַבְדֶּךָ׃ וַיֹּאמֶר
חַי־יְהוָה אֲשֶׁר־עָמַדְתִּי לְפָנָיו אִם־אֶקָּח וַיִּפְצַר־בּוֹ לָקַחַת
17 וַיְמָאֵן׃ וַיֹּאמֶר נַעֲמָן וָלֹא יֻתַּן־נָא לְעַבְדְּךָ מַשָּׂא צֶמֶד־
פְּרָדִים אֲדָמָה כִּי לוֹא־יַעֲשֶׂה עוֹד עַבְדְּךָ עֹלָה וָזֶבַח
18 לֵאלֹהִים אֲחֵרִים כִּי אִם־לַיהוָה׃ לַדָּבָר הַזֶּה יִסְלַח
יְהוָה לְעַבְדֶּךָ בְּבוֹא אֲדֹנִי בֵית־רִמּוֹן לְהִשְׁתַּחֲוֹת שָׁמָּה
וְהוּא ׀ נִשְׁעָן עַל־יָדִי וְהִשְׁתַּחֲוֵיתִי בֵּית רִמֹּן בְּהִשְׁתַּחֲוָיָתִי

דָאזִיגֶער בְּרִיף װעט צוּ דִיר אָנְקוּמֶען, זֶעה, אִיךְ הָאבּ צוּ דִיר גֶעשִׁיקְט מֵיין קְנֶעכְט נַעֲמָן, אַז דָאס דוּא זָאלְסְט אִיהְם אוֹיסְהֵיילֶען פוּן זֵיינֶע קְרֶעץ׃ 7 אוּנְד עֶס אִיז גֶעװֶעזֶען װֶען דֶער מֶלֶךְ פוּן יִשְׂרָאֵל הָאט גֶעלֶעזֶען דֶעם בְּרִיף, הָאט עֶר צוּ־רִיסֶען זֵיינֶע קְלֵיידֶער, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, בִּין אִיךְ דֶען גָאט, צוּ טֵייטֶען אוּנְד לֶעבֶּעדִיג צוּ מַאכֶען, דָאס עֶר שִׁיקְט צוּ מִיר דָאס אִיךְ זָאל אוֹיסְהֵיילֶען אַ מַאן פוּן זֵיינֶע קְרֶעץ? דֶערְקֶענְט דָאךְ אוּנְד זֶעהְט דָאס עֶר זוּכְט אֵיינֶע אוּרְזַאךְ צוּ מִיר׃ 8 אוּנְד עֶס אִיז גֶעװֶעזֶען, װֶען אֱלִישָׁע דֶער גֶעטְלִיכֶער מַאן הָאט גֶע־הֶערְט דָאס דֶער מֶלֶךְ פוּן יִשְׂרָאֵל הָאט צוּרִיסֶען זֵיינֶע קְלֵיידֶער, הָאט עֶר גֶע־שִׁיקְט צוּ דֶעם מֶלֶךְ, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, װָארוּם הָאסְט דוּא צוּרִיסֶען דֵיינֶע קְלֵיי־דֶער? לָאז עֶר דָאךְ צוּ מִיר קוּמֶען, אַז עֶר זָאל װִיסֶען דָאס עֶס אִיז דָא אַ נָבִיא אִין יִשְׂרָאֵל׃ 9 אוּנְד נַעֲמָן אִיז גֶעקוּמֶען מִיט זֵיינֶע פֶערְד אוּנְד מִיט זֵיינֶע װֶעגֶען, אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ גֶעשְׁטֶעלְט בֵּייא דֶער טְהִיר פוּן דֶעם הוֹיז פוּן אֱלִישָׁע׃ 10 אוּנְד אֱלִישָׁע הָאט צוּ אִיהְם גֶעשִׁיקְט אַ שָׁלִיחַ, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, דוּא זָאלְסְט גֵיין, אוּנְד דוּא זָאלְסְט דִיךְ בָּאדֶען זִיבֶּען מָאל אִין דֶעם יַרְדֵן, אַזוֹי װֶעט זִיךְ דֵיין לֵייבּ װִידֶערְקֶעהְרֶען, אוּנְד װֶעסְט זֵיין רֵיין׃ 11 אוּנְד נַעֲמָן הָאט גֶעצָארֶענְט, אוּנְד אִיז אַװֶעקְגֶעגַאנְגֶען, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ הָאבּ גֶעטְרַאכְט דָאס עֶר װֶעט אַרוֹיסְגֵיין, אוּנְד עֶר װֶעט זִיךְ שְׁטֶעלֶען אוּנְד עֶר װֶעט אָנְרוּפֶען דֶעם נָאמֶען פוּן דֶעם הַאר זֵיין גָאט, אוּנְד עֶר װֶעט אוֹיפְהֶעבֶּען זֵיינֶע הַאנְד צוּ דֶעם אָרְט, אוּנְד װֶעט הֵיילֶען דִיא קְרֶעץ׃ 12 זֶענֶען נִיט אֲבָנָה אוּנְד פַּרְפַּר דִיא טֵייכֶער פוּן דַמֶּשֶׂק, פִיעל בֶּעסֶער מֶעהְר װִיא אַלֶע װַאסֶערְן פוּן יִשְׂרָאֵל? אִיךְ װֶעל מִיךְ דָאךְ אִין זֵייא בָּאדֶען, אוּנְד אִיךְ װֶעל זֵיין רֵיין. אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ אַװֶעקְגֶעקֶעהְרְט, אוּנְד עֶר אִיז אַװֶעקְגֶעגַאנְגֶען מִיט צָארְן׃ 13 אוּנְד זֵיינֶע קְנֶעכְט זֶענֶען צוּגֶעגַאנְגֶען, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶערֶעט, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט, מֵיין פָּאטֶער, װֶען דֶער נָבִיא װָאלְט אַ גְרוֹיסֶע זַאךְ צוּ דִיר גֶערֶעט, װָאלְסְט דוּא עֶס נִיט גֶעטְהוּן? אוּנְד מִכָּל שֶׁכֵּן דָאס עֶר הָאט צוּ דִיר גֶעזָאגְט, בָּאד דִיךְ, אוּנְד דוּא װֶעסְט רֵיין זֵיין׃ 14 אוּנְד עֶר אִיז אַרוּפְגֶעגַאנְגֶען, אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ אוּנְטֶערְגֶעטוּנְקְט אִים יַרְדֵן זִיבֶּען מָאל, אַזוֹי װִיא דָאס װָארְט פוּן דֶעם גֶעטְלִיכֶען מַאן, אוּנְד דֵיין פְלֵיישׁ הָאט זִיךְ צוּרִיקְגֶעקֶעהְרְט, װִיא דָאס פְלֵיישׁ פוּן אַ קְלֵיינֶעם יוּנְג, אוּנְד עֶר אִיז רֵיין גֶעװָארֶען׃ 15 אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ װִידֶערְגֶעקֶעהְרְט צוּ דֶעם גֶעטְלִיכֶען מַאן, עֶר אוּנְד זֵיינֶע גַאנְצֶע מַחֲנֶה, אוּנְד אִיז גֶעקוּמֶען, אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ פָאר אִיהְם גֶעשְׁטֶעלְט, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, זֶעה, אִיךְ הָאבּ דֶערְקֶענְט דָאס עֶס אִיז נִיט דָא קֵיין גָאט אִין דֶעם גַאנְצֶען לַאנְד, נֵייעֶרְט בֵּייא יִשְׂרָאֵל, אוּנְד אַצוּנְד, זָאלְסְט דוּא דָאךְ נֶעמֶען אַ גֶעשֶׁענְק פוּן דַיין קְנֶעכְט׃ 16 אוּנְד עֶר הָאט גֶע־זָאגְט, אַזוֹי װָאהְר װִיא דֶער הַאר לֶעבְּט, װָאס אִיךְ בִּין פָאר אִיהְם גֶעשְׁטַאנֶען, אוֹיבּ אִיךְ װֶעל עֶס אָנְנֶעמֶען, אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם שְׁטַארְק גֶעבֶּעטֶען, דָאס עֶר זָאל נֶעמֶען, אָבֶּער עֶר הָאט נִיט גֶעװָאלְט׃ 17 אוּנְד נַעֲמָן הָאט גֶעזָאגְט, װֶען נִיט, לָאז דָאךְ גֶעגֶעבֶּען װֶערֶען צוּ דֵיין קְנֶעכְט אֵיין מַשָּׂא עֶרְד פַאר אֵיין שְׁפַּאן פוּן מוֹילְאֵייזֶעל, װָארִין דֵיין קְנֶעכְט װֶעט נִיט מֶעהְר מַאכֶען אַ בְּרַאנְד־אָפְּפֶער, אוּנְד אַ שֶׁעכְטוּנְג צוּ פְרֶעמְדֶע גֶעטֶער, נֵייעֶרְט צוּ דֶעם הַאר׃ 18 אָבֶּער אִין דֶער דָאזִיגֶער זַאךְ, זָאל דֶער הַאר פֶערְגֶעבֶּען צוּ דֵיין קְנֶעכְט; װֶען מֵיין הַאר װֶעט קוּמֶען אִין דֶעם הוֹיז פוּן רִמּוֹן זִיךְ דָארְטֶען צוּ בִּיקֶען, אוּנְד עֶר אִיז אָנְגֶעלֶעהְנְט אוֹיף מֵיינֶע הַאנְד, אוּנְד אִיךְ מוּז מִיךְ בִּיקֶען אִין דֶעם הוֹיז פוּן רִמּוֹן, אוּנְד װֶען אִיךְ װֶעל מִיךְ בִּיקֶען

אִין

אֲשֶׁר־עָשָׂה מֹשֶׁה כִּי עַד־הַיָּמִים הָהֵמָּה הָיוּ בְנֵי־יִשְׂרָאֵל
ה מְקַטְּרִים לוֹ וַיִּקְרָא־לוֹ נְחֻשְׁתָּן׃ בַּיהוָה אֱלֹהֵי־יִשְׂרָאֵל
בָּטָח וְאַחֲרָיו לֹא־הָיָה כָמֹהוּ בְּכֹל מַלְכֵי יְהוּדָה וַאֲשֶׁר
6 הָיוּ לְפָנָיו׃ וַיִּדְבַּק בַּיהוָה לֹא־סָר מֵאַחֲרָיו וַיִּשְׁמֹר
7 מִצְוֹתָיו אֲשֶׁר־צִוָּה יְהוָה אֶת־מֹשֶׁה׃ וְהָיָה יְהוָה עִמּוֹ
בְּכֹל אֲשֶׁר־יֵצֵא יַשְׂכִּיל וַיִּמְרֹד בְּמֶלֶךְ־אַשּׁוּר וְלֹא עֲבָדוֹ׃
8 הוּא הִכָּה אֶת־פְּלִשְׁתִּים עַד־עַזָּה וְאֶת־גְּבוּלֶיהָ מִמִּגְדַּל
9 נוֹצְרִים עַד־עִיר מִבְצָר׃ וַיְהִי בַּשָּׁנָה הָרְבִיעִית
לַמֶּלֶךְ חִזְקִיָּהוּ הִיא הַשָּׁנָה הַשְּׁבִיעִית לְהוֹשֵׁעַ בֶּן־אֵלָה
מֶלֶךְ יִשְׂרָאֵל עָלָה שַׁלְמַנְאֶסֶר מֶלֶךְ־אַשּׁוּר עַל־שֹׁמְרוֹן
י וַיָּצַר עָלֶיהָ׃ וַיִּלְכְּדֻהָ מִקְצֵה שָׁלֹשׁ שָׁנִים בִּשְׁנַת־שֵׁשׁ
לְחִזְקִיָּה הִיא שְׁנַת־תֵּשַׁע לְהוֹשֵׁעַ מֶלֶךְ יִשְׂרָאֵל נִלְכְּדָה
11 שֹׁמְרוֹן׃ וַיֶּגֶל מֶלֶךְ־אַשּׁוּר אֶת־יִשְׂרָאֵל אַשּׁוּרָה וַיַּנְחֵם
12 בַּחְלַח וּבְחָבוֹר נְהַר גּוֹזָן וְעָרֵי מָדָי׃ עַל ׀ אֲשֶׁר לֹא־
שָׁמְעוּ בְּקוֹל יְהוָה אֱלֹהֵיהֶם וַיַּעַבְרוּ אֶת־בְּרִיתוֹ אֵת כָּל־
אֲשֶׁר צִוָּה מֹשֶׁה עֶבֶד יְהוָה וְלֹא שָׁמְעוּ וְלֹא עָשׂוּ׃
13 וּבְאַרְבַּע עֶשְׂרֵה שָׁנָה לַמֶּלֶךְ חִזְקִיָּהוּ עָלָה סַנְחֵרִיב
מֶלֶךְ־אַשּׁוּר עַל כָּל־עָרֵי יְהוּדָה הַבְּצֻרוֹת וַיִּתְפְּשֵׂם׃
14 וַיִּשְׁלַח חִזְקִיָּה מֶלֶךְ־יְהוּדָה אֶל־מֶלֶךְ־אַשּׁוּר ׀ לָכִישָׁה ׀
לֵאמֹר ׀ חָטָאתִי שׁוּב מֵעָלַי אֵת אֲשֶׁר־תִּתֵּן עָלַי אֶשָּׂא
וַיָּשֶׂם מֶלֶךְ־אַשּׁוּר עַל־חִזְקִיָּה מֶלֶךְ־יְהוּדָה שְׁלֹשׁ מֵאוֹת
טו כִּכַּר־כֶּסֶף וּשְׁלֹשִׁים כִּכַּר זָהָב׃ וַיִּתֵּן חִזְקִיָּה אֶת־כָּל־
16 הַכֶּסֶף הַנִּמְצָא בֵית־יְהוָה וּבְאֹצְרוֹת בֵּית הַמֶּלֶךְ׃ בָּעֵת
הַהִיא קִצַּץ חִזְקִיָּה אֶת־דַּלְתוֹת הֵיכַל יְהוָה וְאֶת־
הָאֹמְנוֹת אֲשֶׁר צִפָּה חִזְקִיָּה מֶלֶךְ יְהוּדָה וַיִּתְּנֵם לְמֶלֶךְ
17 אַשּׁוּר׃ וַיִּשְׁלַח מֶלֶךְ־אַשּׁוּר אֶת־תַּרְתָּן וְאֶת־רַב־
סָרִיס ׀ וְאֶת־רַבְשָׁקֵה מִן־לָכִישׁ אֶל־הַמֶּלֶךְ חִזְקִיָּהוּ בְּחֵיל
כָּבֵד יְרוּשָׁלִָם וַיַּעֲלוּ וַיָּבֹאוּ יְרוּשָׁלִַם וַיַּעֲלוּ וַיָּבֹאוּ וַיַּעַמְדוּ

וָואס מֹשֶׁה הָאט גֶעמַאכְט, וָוארִין בִּיז יֶענֶער צַייט הָאבֶּען דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל צוּ אִיהְם גֶערֵייכֶערְט, אוּנְד מֶען הָאט אִיהְם גֶערוּפֶען נְחֻשְׁתָּן׃ 5 אִין דֶעם הַאר, גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל הָאט עֶר זִיךְ פֶערְזִיכֶערְט, אוּנְד נָאךְ אִיהְם אִיז נִיט גֶעוֶועזֶען אַזוֹי וִויא עֶר אוּנְטֶער אַלֶע קֶענִיגֶע פוּן יְהוּדָה, אוּנְד וָואס זֶענֶען גֶעוֶועזֶען פָאר אִיהְם׃ 6 אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ בֶּעהֶעפְט אַן דֶעם הַאר, עֶר הָאט זִיךְ נִיט אָפְּגֶעקֶעהְ־ט פוּן הִינְטֶער אִיהְם, אוּנְד עֶר הָאט גֶעהִיט זֵיינֶע מִצְוֹת וָואס דֶער הַאר הָאט גֶעבָּאטֶען צוּ מֹשֶׁה׃ 7 אוּנְד דֶער הַאר אִיז גֶעוֶועזֶען מִיט אִיהְם, אוּנְד וְואוּ עֶר אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען הָאט עֶר בֶּעגְלִיקְט; אוּנְד עֶר הָאט וִוידֶערְגֶעשְׁפֶּענִיגְט אַן דֶעם קֶענִיג פוּן אַשּׁוּר, אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם נִיט גֶעדִינְט׃ 8 עֶר הָאט גֶעשְׁלָאגֶען דִיא פְּלִשְׁתִּים בִּיז עַזָּה אוּנְד אִיהְרֶע גְרֶענֶעצֶען, פוּן דֶעם טְהוּרֶעם פוּן דִיא וֶועכְטֶער, בִּיז אַן דִיא פֶעסְטֶע שְׁטֶעט׃ 9 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אִין דֶעם פִירְטֶען יָאהְר פוּן דֶעם קֶענִיג חִזְקִיָּהוּ, דָאס אִיז דָאס זִיבֶּעטֶע יָאהְר פוּן הוֹשֵׁעַ זוּהְן פוּן אֵלָה קֶענִיג פוּן יִשְׂרָאֵל, אִיז שַׁלְמַנְאֶסֶר קֶענִיג פוּן אַשּׁוּר אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען קֶעגֶען שֹׁמְרוֹן, אוּנְד עֶר הָאט זִיא בֶּעלַאגֶערְט׃ 10 אוּנְד עֶר הָאט זִיא בֶּעצְוְואוּנְגֶען אַם עֶנְדֶע פוּן דְרֵייא יָאהְר. אִין דֶעם זֶעקְסְטֶען יָאהְר פוּן חִזְקִיָּהוּ, דָאס אִיז דָאס נֵיינְטֶע יָאהְר פוּן הוֹשֵׁעַ קֶענִיג פוּן יִשְׂרָאֵל, אִיז שֹׁמְרוֹן בֶּעצְוְואוּנְגֶען גֶעוָוארֶען׃ 11 אוּנְד דֶער קֶענִיג פוּן אַשּׁוּר הָאט פֶערְטְרִיבֶּען יִשְׂרָאֵל קֵיין אַשּׁוּר, אוּנְד עֶר הָאט זֵייא גֶעפִיהְרְט קֵיין חֲלַח אוּנְד קֵיין חָבוֹר בֵּייא דֶעם טֵייךְ גּוֹזָן, אוּנְד אִין דִיא שְׁטֶעט פוּן מָדָי׃ 12 וֵוייל זֵייא הָאבֶּען נִיט גֶעהָארְכְט צוּ דֶעם קוֹל פוּן דֶעם הַאר, זֵייעֶר גָאט, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אִיבֶּערְגֶעטְרֶעטֶען זֵיין בְּרִית, אַלֶעס וָואס מֹשֶׁה דֶער קְנֶעכְט פוּן דֶעם הַאר הָאט גֶעבָּאטֶען, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען עֶס נִיט גֶעהָארְכְט אוּנְד נִיט גֶעטְהוּן׃ 13 אוּנְד אִין דֶעם פִירְצֶעהְנְטֶען יָאהְר פוּן דֶעם קֶענִיג חִזְקִיָּהוּ, אִיז סַנְחֵרִיב קֶענִיג פוּן אַשּׁוּר אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען קֶעגֶען אַלֶע פֶעסְטֶע שְׁטֶעט פוּן יְהוּדָה, אוּנְד עֶר הָאט זֵייא אֵיינְגֶענוּמֶען׃ 14 אוּנְד חִזְקִיָּהוּ קֶענִיג פוּן יְהוּדָה הָאט גֶעשִׁיקְט צוּ דֶעם קֶענִיג פוּן אַשּׁוּר קֵיין לָכִישׁ, אַזוֹי צוּ זָאגֶען—אִיךְ הָאבּ גֶעזִינְדִיגְט, קֶעהְר דִיךְ צוּרִיק פוּן מִיר, אַלֶעס וָואס דוּא וֶועסְט אוֹיף מִיר אַרוֹיפְלֵייגֶען וֶועל אִיךְ טְרָאגֶען, אוּנְד דֶער קֶענִיג פוּן אַשּׁוּר הָאט אַרוֹיפְגֶעלֵייגְט אוֹיף חִזְקִיָּהוּ קֶענִיג פוּן יְהוּדָה, דְרֵייא הוּנְדֶערְט צֶענְטְנֶער זִילְבֶּער, אוּנְד דְרֵייסִיג צֶענְטְנֶער גָאלְד׃ 15 אוּנְד חִזְקִיָּהוּ הָאט אָפְּגֶעגֶעבֶּען דָאס גַאנְצֶע זִילְבֶּער וָואס אִיז גֶעפוּנֶען גֶעוָוארֶען אִין דֶעם הוֹיז פוּן דֶעם הַאר, אוּנְד אִין דִיא אוֹצְרוֹת פוּן דֶעם קֶענִיגְ'ס הוֹיז׃ 16 אִין יֶענֶער צַייט, הָאט חִזְקִיָּהוּ אוֹיסְגֶעהַאקְט דִיא טְהִירֶען פוּן דֶעם טֶעמְפֶּעל פוּן דֶעם הַאר, אוּנְד דִיא זֵיילֶען וָואס חִזְקִיָּהוּ קֶענִיג פוּן יְהוּדָה הָאט בֶּעדֶעקְט אוּנְד עֶר הָאט זֵייא גֶעגֶעבֶּען צוּ דֶעם קֶענִיג פוּן אַשּׁוּר׃ 17 אוּנְד דֶער קֶענִיג פוּן אַשּׁוּר הָאט גֶעשִׁיקְט תַּרְתָּן, אוּנְד רַב־סָרִיס, אוּנְד רַבְשָׁקֵה אוֹיס לָכִישׁ, צוּ דֶעם קֶענִיג חִזְקִיָּהוּ מִיט אַ שְׁוֶוער חַיִל קֵיין יְרוּשָׁלַיִם, אוּנְד זֵייא זֶענֶען אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען אוּנְד זֵייא זֶענֶען גֶעקוּמֶען קֵיין יְרוּשָׁלַיִם אוּנְד זֵייא זֶענֶען אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען אוּנְד זֵייא זֶענֶען גֶעקוּמֶען, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זִיךְ אָפְּגֶעשְׁטֶעלְט בֵּייא

בִּתְעָלַת הַבְּרֵכָה הָעֶלְיוֹנָה אֲשֶׁר בִּמְסִלַּת שְׂדֵה כוֹבֵס׃
18 וַיִּקְרְאוּ אֶל־הַמֶּלֶךְ וַיֵּצֵא אֲלֵהֶם אֶלְיָקִים בֶּן־חִלְקִיָּהוּ
אֲשֶׁר עַל־הַבָּיִת וְשֶׁבְנָה הַסֹּפֵר וְיוֹאָח בֶּן־אָסָף הַמַּזְכִּיר׃
19 וַיֹּאמֶר אֲלֵיהֶם רַבְשָׁקֵה אִמְרוּ־נָא אֶל־חִזְקִיָּהוּ כֹּה־אָמַר
הַמֶּלֶךְ הַגָּדוֹל מֶלֶךְ אַשּׁוּר מָה הַבִּטָּחוֹן הַזֶּה אֲשֶׁר
כ בָּטָחְתָּ׃ אָמַרְתָּ אַךְ־דְּבַר־שְׂפָתַיִם עֵצָה וּגְבוּרָה לַמִּלְחָמָה
21 עַתָּה עַל־מִי בָטַחְתָּ כִּי מָרַדְתָּ בִּי׃ עַתָּה הִנֵּה בָטַחְתָּ
לְּךָ עַל־מִשְׁעֶנֶת הַקָּנֶה הָרָצוּץ הַזֶּה עַל־מִצְרַיִם אֲשֶׁר
יִסָּמֵךְ אִישׁ עָלָיו וּבָא בְכַפּוֹ וּנְקָבָהּ כֵּן פַּרְעֹה מֶלֶךְ־
22 מִצְרַיִם לְכָל־הַבֹּטְחִים עָלָיו׃ וְכִי־תֹאמְרוּן אֵלַי אֶל־יְהוָה
אֱלֹהֵינוּ בָּטָחְנוּ הֲלוֹא־הוּא אֲשֶׁר הֵסִיר חִזְקִיָּהוּ אֶת־
בָּמֹתָיו וְאֶת־מִזְבְּחֹתָיו וַיֹּאמֶר לִיהוּדָה וְלִירוּשָׁלַםִ לִפְנֵי
23 הַמִּזְבֵּחַ הַזֶּה תִּשְׁתַּחֲווּ בִּירוּשָׁלָםִ׃ וְעַתָּה הִתְעָרֶב נָא
אֶת־אֲדֹנִי אֶת־מֶלֶךְ אַשּׁוּר וְאֶתְּנָה לְךָ אַלְפַּיִם סוּסִים אִם־
24 תּוּכַל לָתֶת לְךָ רֹכְבִים עֲלֵיהֶם׃ וְאֵיךְ תָּשִׁיב אֵת פְּנֵי
פַּחַת אַחַד עַבְדֵי אֲדֹנִי הַקְּטַנִּים וַתִּבְטַח לְךָ עַל־מִצְרַיִם
כה לְרֶכֶב וּלְפָרָשִׁים׃ עַתָּה הֲמִבַּלְעֲדֵי יְהוָה עָלִיתִי עַל־
הַמָּקוֹם הַזֶּה לְהַשְׁחִתוֹ יְהוָה אָמַר אֵלַי עֲלֵה עַל־הָאָרֶץ
26 הַזֹּאת וְהַשְׁחִיתָהּ׃ וַיֹּאמֶר אֶלְיָקִים בֶּן־חִלְקִיָּהוּ וְשֶׁבְנָה
וְיוֹאָח אֶל־רַבְשָׁקֵה דַּבֶּר־נָא אֶל־עֲבָדֶיךָ אֲרָמִית כִּי
שֹׁמְעִים אֲנָחְנוּ וְאַל־תְּדַבֵּר עִמָּנוּ יְהוּדִית בְּאָזְנֵי הָעָם
27 אֲשֶׁר עַל־הַחֹמָה׃ וַיֹּאמֶר אֲלֵיהֶם רַבְשָׁקֵה הַעַל אֲדֹנֶיךָ
וְאֵלֶיךָ שְׁלָחַנִי אֲדֹנִי לְדַבֵּר אֶת־הַדְּבָרִים הָאֵלֶּה הֲלֹא
עַל־הָאֲנָשִׁים הַיֹּשְׁבִים עַל־הַחֹמָה לֶאֱכֹל אֶת־חֹרֵיהֶם
28 וְלִשְׁתּוֹת אֶת־שֵׁינֵיהֶם עִמָּכֶם׃ וַיַּעֲמֹד רַבְשָׁקֵה וַיִּקְרָא
בְקוֹל־גָּדוֹל יְהוּדִית וַיְדַבֵּר וַיֹּאמֶר שִׁמְעוּ דְּבַר־הַמֶּלֶךְ
29 הַגָּדוֹל מֶלֶךְ אַשּׁוּר׃ כֹּה אָמַר הַמֶּלֶךְ אַל־יַשִּׁא לָכֶם

דעם גרובען פון דעם אויבערשטען טייך, אויף דעם וועג פון דעם פעלד פון די וועשער: 18 אונד זייא האבען גערופען צו דעם קעניג אזוי איז צו זייא ארויסגעגאנגען אליקים זוהן פון חלקיהו וואס איז איבער דעם הויז, אונד דער שרייבער שבנה, אונד יואח זוהן פון אסף דער מזכיר: 19 אונד רבשקה האט צו זייא געזאגט, זאגט דאך צו חזקיהו, אזוי האט געזאגט דער גרויסער קעניג, דער קעניג פון אשור, וואס איז דיא פערזיכערונג, וואס דוא האסט דיך פערזיכערט? 20 דוא מיינסט אז עס איז נאר רייד פון דיא ליפען? עס איז דא איין עצה אונד שטארקייט מלחמה צו האלטען, אצונד אויף וועמען האסט דוא דיך פערזיכערט, דאס דוא האסט קענען מיר ווידערגעשפעניגט? 21 אונד אצונד, זעה, דוא האסט דיך פערזיכערט אויף דיא שטיצע פון דעם דאזיגען צובראכענעם שטעקען, אויף מצרים, דאס ווען א מענש זאל זיך אויף איהם אנשפארען אזוי וועט ער קומען אין זיינע האנד אונד עס וועט איהם דורכשטעכען, אזוי איז דער קעניג פון מצרים צו אלע דיא וואס פערזיכערען זיך אויף איהם: 22 אונד ווען איהר וועט צו מיר זאגען, מיר פערלאזען זיך אויף דעם האר, אונזער גאט, איז עס ניט דער וואס חזקיהו האט אפגעטהון זיינע במות אונד זיינע מזבחות, אונד ער האט געזאגט צו יהודה אונד צו ירושלים, פאר דעם דאזיגען מזבח וואס איז אין ירושלים זאלט איהר אייך ביקען? 23 אונד אצונד געט דאך איין ערב צו מיין האר דעם קעניג פון אשור, אונד איך וועל דיר געבען צוויא טויזענד פערד, אויב דוא וועסט קענען געבען רייטער אויף זייא: 24 אונד וויא אזוי וועסט דוא ענטזאגען דאס פנים פון דעם הויפטמאן, (אדער) איינעם פון דיא קלענסטע קנעכט פון מיין האר? אונד דוא האסט דיך פערזיכערט אויף מצרים, אויף רייטוועגען אונד רייטער: 25 אצונד, בין איך דען אהן דעם האר ארויפגעגאנגען קעגען דעם דאזיגען ארט עס צו פערדארבען? דער האר האט צו מיר געזאגט, גיה ארויף קעגען דעם דאזיגען לאנד אונד פערדארב עס: 26 אונד אליקים דער זוהן פון חלקיהו האט געזאגט, אונד אויך שבנה אונד יואח צו רבשקה, רעד דאך צו דיינע קנעכט ארמית, וואריז מיר פערשטעהען, אבער דוא זאלסט ניט מיט אונס רעדען יודיש אין דיא אויערען פון דעם פאלק וואס זעגען אויף דיא מויער: 27 אונד רבשקה האט צו זייא געזאגט, צו וועגען דיין האר אונד וועגען דיר האט מיך מיין האר געשיקט צו רעדען דיא דאזיגע רייד? איז עס ניט צו דיא לייט וואס זיצען אויף דיא מויער, דאס זייא וועלען עסען זייער צואה, אונד טרינקען זייער השתנה מיט אייך: 28 אונד רבשקה האט זיך געשטעלט אונד ער האט גערופען מיט א הויך קול אויף יודיש, אונד ער האט גערעט אונד געזאגט, הערט צו דאס ווארט פון דעם גרויסען קעניג, דעם קעניג פון אשור: 29 אזוי האט דער קעניג געזאגט, לאז אייך חזקיהו ניט איינרעדען,

וואַרין ער וועט אייך ניט קענען מציל זיין פון מיינע האַנד: 30 אונד לאָז אייך חזקיהו ניט פערזיכערען אויף דעם האַר, אַזוֹי צו זאָגען, דער האַר וועט אונס מציל זיין, אונד דיא דאָזיגע שטאָט וועט ניט געגעבען ווערען אין דיא האַנד פון דעם קעניג פון אשור: 31 אונד איהר זאָלט ניט האָרכען צו חזקיהו, וואַרין אַזוֹי האָט דער קעניג פון אשור געזאָגט, מאַכט מיט מיר שלום, אונד קומט אַרויס צו מיר, אַזוֹי וועט איהר איטליכער עסען פון זיין ווייןשטאָק אונד פון זיין פייגענ־בוים, אונד טרינקט איטליכער דאָס וואַסער פון זיין ברונען: 32 ביז איך וועל קומען, אונד איך וועל אייך נעמען אין אַ לאַנד אַזוֹי וויא אייער לאַנד, אַ לאַנד פון קאָרן אונד וויין, אַ לאַנד פון ברויט אונד וויינגערטען, אַ לאַנד פון אייל־בערטען, אייל אונד האָניג, אונד איהר וועט לעבען, אונד ניט שטאַרבען, אונד איהר זאָלט ניט האָרכען צו חזקיהו ווען ער וועט אייך איבערערען אַזוֹי צו זאָגען, גאָט וועט אונס מציל זיין:

חזקיהו כי־לא יוכל להציל אתכם מידו: ואל־יבטח ל
אתכם חזקיהו אל־יהוה לאמר הצל יצילנו יהוה ולא
תנתן את־העיר הזאת ביד מלך אשור: אל־תשמעו אל־ 31
חזקיהו כי כה אמר מלך אשור עשו אתי ברכה וצאו
אלי ואכלו איש־גפנו ואיש תאנתו ושתו איש מי־בורו:
עד־באי ולקחתי אתכם אל־ארץ כארצכם ארץ דגן 32
ותירוש ארץ לחם וכרמים ארץ זית יצהר ודבש וחיו
ולא תמתו ואל־תשמעו אל־חזקיהו כי־יסית אתכם
לאמר יהוה יצילנו: ההצל הצילו אלהי הגוים איש 33
את־ארצו מיד מלך אשור: איה אלהי חמת וארפד 34
איה אלהי ספרוים הנע ועוה כי־הצילו את־שמרון
מידי: מי בכל־אלהי הארצות אשר־הצילו את־ארצם לה
מידי כי־יציל יהוה את־ירושלם מידי: והחרישו העם 36
ולא־ענו אתו דבר כי־מצות המלך היא לאמר לא
תענהו: ויבא אליקים בן־חלקיה אשר־על־הבית ושבנא 37
הספר ויואח בן־אסף המזכיר אל־חזקיהו קרועי בגדים
ויגדו לו את דברי רבשקה:

יט יט

ויהי כשמע המלך חזקיהו ויקרע את־בגדיו ויתכס א
בשק ויבא בית יהוה: וישלח את־אליקים אשר־על־ 2
הבית ושבנא הספר ואת זקני הכהנים מתכסים
בשקים אל־ישעיהו הנביא בן־אמוץ: ויאמרו אליו 3
כה אמר חזקיהו יום־צרה ותוכחה ונאצה היום הזה
כי־באו בנים עד־משבר וכח אין ללדה: אולי ישמע 4
יהוה אלהיך את | כל־דברי רבשקה אשר שלחו מלך־
אשור | אדניו לחרף אלהים חי והוכיח בדברים אשר
שמע יהוה אלהיך ונשאת תפלה בעד השארית

33 האָבען דען דיא געטער פון דיא פעלקער מציל געוועזען, איטליכען זיין לאַנד פון דיא האַנד פון דעם קעניג פון אשור? 34 וואו זענען דיא געטער פון חמת אונד ארפד? וואו זענען דיא געטער פון ספרוים, הנע אונד עוה? האָבען זייא דען מציל געוועזען שמרון פון מיינע האַנד? 35 ווער איז אונטער אַלע געטער פון דיא לענדער, וואָס האָבען מציל געוועזען זייער לאַנד פון מיינע האַנד? דאָס דער האַר זאָל ירושלים מציל זיין פון מיינע האַנד: 36 אונד דאָס פאָלק האָט געשוויגען, אונד זייא האָבען איהם קיין וואָרט ניט געענטפערט, וואַרין דאָס האָט דער קעניג געבאָטען, אַזוֹי צו זאָגען, איהר זאָלט איהם ניט ענטפערען: 37 אונד אליקים זוהן פון חלקיהו וואָס איז איבער דעם הויז, אונד שבנה דער שרייבער, אונד יואח זוהן פון אסף דער קאַנצלער, זענען געקומען צו חזקיהו מיט צוריסענע קליידער, אונד זייא האָבען איהם געזאָגט דיא ווערטער פון רבשקה:

קאפיטעל יט

1 אונד עס איז געוועזען ווען חזקיהו האָט דאָס געהערט, אַזוֹי האָט ער צוריסען זיינע קליידער, אונד ער האָט זיך בעדעקט מיט אַ זאַק, אונד ער איז געקומען אין דעם הויז פון גאָט: 2 אונד ער האָט געשיקט אליקים וואָס איז געוועזען איבער דעם הויז, אונד שבנה דעם שרייבער אונד דיא עלצטע כהנים, בעדעקט מיט זעק, צו ישעיהו הנביא זוהן פון אמוץ: 3 אונד זייא האָבען צו איהם געזאָגט, אַזוֹי האָט חזקיהו געזאָגט, אַ טאָג פון נויטה, אונד לעסטערונג אונד דערצאָרנונג איז דער דאָזיגער טאָג, וואַרין דיא קינדער זענען געקומען ביז צו דעם געבערשטוהל, אונד קיינע קראַפט איז ניט דאָ צו געווינען: 4 טאָמער וועט דער האַר דיין גאָט הערען אַלע דיא רייד פון רבשקה וואָס דער קעניג פון אשור זיין האַר האָט איהם געשיקט, דעם לעבעדיגען גאָט צו לעסטערען, אונד ער האָט געלעסטערט מיט ווערטער, וואָס דער האַר דיין גאָט האָט געהערט, אַזוֹי זאָלסט דוא אויפהייבען אַ געבעט וועגען דיא איבערגעבליבענע,

וואָס

ה הַנִּמְצָאָה׃ וַיָּבֹאוּ עַבְדֵי הַמֶּלֶךְ חִזְקִיָּהוּ אֶל־יְשַׁעְיָהוּ׃
6 וַיֹּאמֶר לָהֶם יְשַׁעְיָהוּ כֹּה תֹאמְרוּן אֶל־אֲדֹנֵיכֶם כֹּה ׀ אָמַר
יְהוָה אַל־תִּירָא מִפְּנֵי הַדְּבָרִים אֲשֶׁר שָׁמַעְתָּ אֲשֶׁר גִּדְּפוּ
7 נַעֲרֵי מֶלֶךְ־אַשּׁוּר אֹתִי׃ הִנְנִי נֹתֵן בּוֹ רוּחַ וְשָׁמַע שְׁמוּעָה
8 וְשָׁב לְאַרְצוֹ וְהִפַּלְתִּיו בַּחֶרֶב בְּאַרְצוֹ׃ וַיָּשָׁב רַבְשָׁקֵה
וַיִּמְצָא אֶת־מֶלֶךְ אַשּׁוּר נִלְחָם עַל־לִבְנָה כִּי שָׁמַע כִּי נָסַע
9 מִלָּכִישׁ׃ וַיִּשְׁמַע אֶל־תִּרְהָקָה מֶלֶךְ־כּוּשׁ לֵאמֹר הִנֵּה יָצָא
לְהִלָּחֵם אִתָּךְ וַיָּשָׁב וַיִּשְׁלַח מַלְאָכִים אֶל־חִזְקִיָּהוּ לֵאמֹר׃
י כֹּה תֹאמְרוּן אֶל־חִזְקִיָּהוּ מֶלֶךְ־יְהוּדָה לֵאמֹר אַל־יַשִּׁאֲךָ
אֱלֹהֶיךָ אֲשֶׁר אַתָּה בֹּטֵחַ בּוֹ לֵאמֹר לֹא תִנָּתֵן יְרוּשָׁלִַם
11 בְּיַד מֶלֶךְ אַשּׁוּר׃ הִנֵּה ׀ אַתָּה שָׁמַעְתָּ אֵת אֲשֶׁר עָשׂוּ מַלְכֵי
12 אַשּׁוּר לְכָל־הָאֲרָצוֹת לְהַחֲרִימָם וְאַתָּה תִּנָּצֵל׃ הַהִצִּילוּ
אֹתָם אֱלֹהֵי הַגּוֹיִם אֲשֶׁר שִׁחֲתוּ אֲבוֹתַי אֶת־גּוֹזָן וְאֶת־
13 חָרָן וְרֶצֶף וּבְנֵי־עֶדֶן אֲשֶׁר בִּתְלַאשָּׂר׃ אַיּוֹ מֶלֶךְ־חֲמָת
14 וּמֶלֶךְ אַרְפָּד וּמֶלֶךְ לָעִיר סְפַרְוָיִם הֵנַע וְעִוָּה׃ וַיִּקַּח
חִזְקִיָּהוּ אֶת־הַסְּפָרִים מִיַּד הַמַּלְאָכִים וַיִּקְרָאֵם וַיַּעַל בֵּית
טו יְהוָה וַיִּפְרְשֵׂהוּ חִזְקִיָּהוּ לִפְנֵי יְהוָה׃ וַיִּתְפַּלֵּל
חִזְקִיָּהוּ לִפְנֵי יְהוָה וַיֹּאמַר יְהוָה אֱלֹהֵי יִשְׂרָאֵל יֹשֵׁב
הַכְּרֻבִים אַתָּה־הוּא הָאֱלֹהִים לְבַדְּךָ לְכֹל מַמְלְכוֹת הָאָרֶץ
16 אַתָּה עָשִׂיתָ אֶת־הַשָּׁמַיִם וְאֶת־הָאָרֶץ׃ הַטֵּה יְהוָה ׀ אָזְנְךָ
וּשְׁמָע פְּקַח יְהוָה עֵינֶיךָ וּרְאֵה וּשְׁמַע אֵת דִּבְרֵי סַנְחֵרִיב
17 אֲשֶׁר שְׁלָחוֹ לְחָרֵף אֱלֹהִים חָי׃ אָמְנָם יְהוָה הֶחֱרִיבוּ
18 מַלְכֵי אַשּׁוּר אֶת־הַגּוֹיִם וְאֶת־אַרְצָם׃ וְנָתְנוּ אֶת־אֱלֹהֵיהֶם
בָּאֵשׁ כִּי לֹא אֱלֹהִים הֵמָּה כִּי אִם־מַעֲשֵׂה יְדֵי־אָדָם עֵץ
19 וָאֶבֶן וַיְאַבְּדוּם׃ וְעַתָּה יְהוָה אֱלֹהֵינוּ הוֹשִׁיעֵנוּ נָא מִיָּדוֹ
וְיֵדְעוּ כָּל־מַמְלְכוֹת הָאָרֶץ כִּי אַתָּה יְהוָה אֱלֹהִים לְבַדֶּךָ׃
כ וַיִּשְׁלַח יְשַׁעְיָהוּ בֶן־אָמוֹץ אֶל־חִזְקִיָּהוּ לֵאמֹר כֹּה־

וָאס עֶס וֶועט נָאךְ גֶעפוּנֶען וֶוערֶען׃ 5 אוּנְד דִיא קְנֶעכְט פוּן דֶעם קֶענִיג חִזְקִיָּהוּ זֶענֶען גֶעקוּמֶען צוּ יְשַׁעְיָהוּ׃ 6 אוּנְד יְשַׁעְיָהוּ הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, אַזוֹי זָאלְט אִיהְר זָאגֶען צוּ אֵייעֶר הַאר, אַזוֹי הָאט דֶער הַאר גֶעזָאגְט, דוּא זָאלְסְט דִיךְ נִיט פָארְכְטֶען פַאר דִיא וֶוערְטֶער וָואס דוּא הָאסְט גֶעהֶערְט, וָואס דִיא יוּנְגֶען פוּן דֶעם קֶענִיג פוּן אַשּׁוּר הָאבֶּען מִיךְ גֶעלֶעסְטֶערְט׃ 7 זֶעה, אִיךְ וֶועל אִיהְם גֶעבֶּען אַ גֵייסְט אוּנְד עֶר וֶועט אַ נָאכְרִיכְט הֶערֶען, אוּנְד עֶר וֶועט זִיךְ צוּרִיקְקֶעהְרֶען צוּ זֵיין לַאנְד, אוּנְד אִיךְ וֶועל אִיהְם לָאזֶען פַאלֶען דוּרְךְ דֶעם שְׁוֶוערְד אִין זֵיין לַאנְד׃ 8 אוּנְד וֶוען רַבְשָׁקֵה הָאט זִיךְ צוּרִיקְגֶעקֶעהְרְט, אַזוֹי הָאט עֶר גֶעפוּנֶען דֶעם קֶענִיג פוּן אַשּׁוּר מִלְחָמָה הַאלְטֶען קֶעגֶען לִבְנָה, וָוארִין עֶר הָאט גֶעהֶערְט אַז עֶר הָאט זִיךְ אָפְּגֶעצוֹיגֶען פוּן לָכִישׁ׃ 9 אוּנְד עֶר הָאט גֶעהֶערְט אוֹיף תִּרְהָקָה קֶענִיג פוּן כּוּשׁ, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, זֶעה, עֶר אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען מִלְחָמָה צוּ הַאלְטֶען מִיט דִיר; אַזוֹי הָאט עֶר זִיךְ צוּרִיקְגֶעקֶעהְרְט, אוּנְד עֶר הָאט גֶעשִׁיקְט שְׁלוּחִים צוּ חִזְקִיָּהוּ, אַזוֹי צוּ זָאגֶען׃ 10 אַזוֹי זָאלְט אִיהְר זָאגֶען צוּ חִזְקִיָּהוּ קֶענִיג פוּן יְהוּדָה, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, לָאז דִיךְ דֵיין גָאט נִיט אִיבֶּערְרֶעדֶען, וָואס דוּא פֶערְזִיכֶערְסְט דִיךְ אוֹיף אִיהְם, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, יְרוּשָׁלַיִם וֶועט נִיט גֶעגֶעבֶּען וֶוערֶען אִין דִיא הַאנְד פוּן דֶעם קֶענִיג פוּן אַשּׁוּר׃ 11 זֶעה, דוּא הָאסְט גֶעהֶערְט וָואס דִיא קֶענִיגֶע פוּן אַשּׁוּר הָאבֶּען גֶעטְהוּן צוּ אַלֶע לֶענְדֶער זֵייא צוּ פֶערְוִויסְטֶען, אוּנְד זָאלְסְט דוּא נִצּוֹל וֶוערֶען? 12 הָאבֶּען זֵייא דֶען מַצִּיל גֶעוֶועזֶען דִיא גֶעטֶער פוּן דִיא פֶעלְקֶער וָואס מֵיינֶע עֶלְטֶערְן הָאבֶּען זֵייא פֶערְדָארְבֶּען? גוֹזָן אוּנְד חָרָן, אוּנְד רֶצֶף, אוּנְד בְּנֵי־עֶדֶן, וָואס אִיז אִין תְּלַאשָּׂר׃ 13 וְואוּ אִיז דֶער קֶענִיג פוּן חֲמָת, אוּנְד דֶער קֶענִיג פוּן אַרְפָּד, אוּנְד דֶער קֶענִיג פוּן דִיא שְׁטֶעט סְפַרְוָיִם, הֵנַע אוּנְד עִוָּה? 14 אוּנְד חִזְקִיָּהוּ הָאט גֶענוּמֶען דִיא בְּרִיף פוּן דִיא הַאנְד פוּן דִיא שְׁלוּחִים אוּנְד עֶר הָאט זֵייא גֶעלֶעזֶען, אוּנְד עֶר אִיז אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען אִין דֶעם הוֹיז פוּן דֶעם הַאר, אוּנְד חִזְקִיָּהוּ הָאט זֵייא (דִיא בְּרִיף) אוֹיסְגֶעשְׁפְּרֵייט פָאר דֶעם הַאר׃ 15 אוּנְד חִזְקִיָּהוּ הָאט גֶעבֶּעטֶען פָאר דֶעם פָּנִים פוּן דֶעם הַאר, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, הַאר גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל, וָואס זִיצְט אִיבֶּער דִיא כְּרוּבִים, דוּא אַלֵיין בִּיסְט גָאט אוּנְטֶער אַלֶע קֶענִיגְרֵייכֶע פוּן דֶער עֶרְד, דוּא הָאסְט גֶעמַאכְט דֶעם הִימֶעל אוּנְד דִיא עֶרְד׃ 16 נֵייג דֵיין אוֹיעֶר, אָ הַאר, אוּנְד הֶער צוּ, עֶפֶען דֵיינֶע אוֹיגֶען אָ הַאר אוּנְד זֶעה, אוּנְד הֶער דִיא וֶוערְטֶער פוּן סַנְחֵרִיב, וָואס עֶר הָאט אִיהְם גֶעשִׁיקְט צוּ לֶעסְטֶערֶען דֶעם לֶעבֶּעדִיגֶען גָאט! 17 עֶס אִיז וָואהְר, הַאר, דָאס דִיא קֶענִיגֶע פוּן אַשּׁוּר הָאבֶּען וִויסְט גֶעמַאכְט דִיא פֶעלְקֶער, אוּנְד זֵייעֶר לַאנְד׃ 18 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעגֶעבֶּען זֵייעֶרֶע גֶעטֶער אִין דֶעם פֵייעֶר, וָוארִין זֵייא זֶענֶען קֵיינֶע גֶעטֶער נִיט גֶעוֶועזֶען, נֵייעֶרְט דִיא וֶוערְק פוּן מֶענְשֶׁען־הֶענְד, הָאלְצֶערְנֶע אוּנְד שְׁטֵיינֶערְנֶע, דָארוּם הָאבֶּען זֵייא זֵייא פֶערְטִילִיגְט׃ 19 אוּנְד אַצוּנְד, אָ הַאר אוּנְזֶער גָאט, הֶעלְף אוּנְס דָאךְ פוּן זֵיינֶע הַאנְד, אוּנְד לָאזֶען אַלֶע קֶענִיגְרֵייכֶע פוּן דֶער עֶרְד וִויסֶען, דָאס דוּא אַלֵיין אָ הַאר, בִּיזְט אַ גָאט׃ 20 אוּנְד יְשַׁעְיָהוּ זוּהְן פוּן אָמוֹץ הָאט גֶעשִׁיקְט צוּ חִזְקִיָּהוּ, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, אַזוֹי

הָאט

האָט גֶעזָאגְט דֶער הַאר, דֶער גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל, דָאס וָואס דוּא הָאסְט גֶעבֶּעטֶען צוּ מִיר, וֶועגֶען סַנְחֵרִב קֶעניג פוּן אַשּׁוּר, הָאבּ אִיךְ גֶעהֶערְט: 21 דָאס אִיז דָאס וָוארְט וָואס דֶער הַאר הָאט גֶערֶעט וֶועגֶען אִיהְם, זִיא פֶערְשֶׁעמְט דִיךְ, זִיא שְׁפֶּעט פוּן דִיר, דִיא יוּנְגפְרוֹיא טָאכְטֶער פוּן צִיוֹן, זִיא שָׁאקֶעלְט הִינְטֶער דִיר מִיט דֶעם קָאפּ, דִיא טָאכְטֶער פוּן יְרוּשָׁלַיִם: 22 וֶועמֶען הָאסְט דוּא גֶעלֶעסְטֶערְט, אוּנְד אוֹיף וֶועמֶען הָאסְט דוּא אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען אַ קוֹל? אוּנְד דוּא הָאסְט דֵיינֶע אוֹיגֶען דֶערְהוֹיבֶּען אִין דֶער הֵייךְ, קֶעגֶען דֶעם הֵיילִיגֶען פוּן יִשְׂרָאֵל? 23 דוּרְךְ דֵיינֶע שְׁלוּחִים הָאסְט דוּא גֶעלֶעסְטֶערְט דֶעם הַאר, אוּנְד דוּא הָאסְט גֶעזָאגְט, מִיט מֵיינֶע פִילֶע רֵייטְוֶועגֶען בִּין אִיךְ אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען אוֹיף דִיא הֵייךְ פוּן דִיא בֶּערְג, אוֹיף דִיא זֵייטֶען פוּן לְבָנוֹן, אוּנְד אִיךְ וֶועל אָפְּשְׁנֵיידֶען זֵיינֶע הוֹיכֶע צֶעדֶערְבֵּיימֶער, זֵיינֶע בֶּעסְטֶע טֶענֶענְבֵּיימֶער, אוּנְד אִיךְ וֶועל קוּמֶען אַן דֶעם עֶק פוּן זֵיין גַאסְט־הוֹיז, אִין דֶעם וַואלְד כַּרְמֶל: 24 אִיךְ הָאבּ גֶעגְרוּבֶּען, אוּנְד אוֹיסְגֶעטְרוּנְקֶען דָאס פְרֶעמְדֶע וַואסֶער, אוּנְד אִיךְ וֶועל טְרִיקֶען מַאכֶען מִיט מֵיינֶע פוּסְטְרִיט אַלֶע טֵייכֶען פוּן דֶער פֶעסְטוּנְג: 25 הָאסְט דוּא דֶען נִיט גֶעהֶערְט פוּן לַאנְג אָן, דָאס אִיךְ הָאבּ זַייא גֶעטְהוּן, פוּן פָארְצֵייטִיגֶע יָאהְרֶען, אוּנְד אִיךְ הָאבּ זַייא בֶּעשַׁאפֶען? אַצוּנְד הָאבּ אִיךְ עֶס גֶעבְּרַאכְט כְּדֵי צוּ פֶערְוִויסְטֶען דִיא פֶעסְטֶע שְׁטֶעט, אַז זַייא זָאלֶען זֵיין גְלֵייךְ וִויא הוֹיפֶען עֶרְד: 26 אוּנְד זֵייעֶרֶע אֵיינְ־וָואוֹינֶער זֶענֶען אָהְן קְרַאפְט, זַייא הָאבֶּען זִיךְ אִיבֶּערְשְׁרָאקֶען אוּנְד זֶענֶען פֶערְשֶׁעמְט גֶעוָוארֶען, זַייא זֶענֶען גֶעוָוארֶען אַזוֹי וִויא גְרָאז פוּן דֶעם פֶעלְד, וִויא גְרִין גְרָאז, וִויא גְרָאז וָואס וַואקְסְט אוֹיף דִיא דֶעכֶער, אוּנְד וִויא פֶערְדַארְטֶע זַאנְגֶען אֵיידֶער עֶס וֶוערְט צֵייטִיג: 27 אוּנְד דֵיין זִיצֶען אוּנְד דֵיין אַרוֹיסְגֵיין אוּנְד דֵיין אַרֵיינְקוּמֶען, וֵוייס אִיךְ, אוּנְד אוֹיךְ דֵיין צָארְנֶען קֶעגֶען מִיר: 28 וֵוייל דֵיין צָארְנֶען קֶעגֶען מִיר אוּנְד דֵיין שְׁטָאלְץ אִיז אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען אִין מֵיינֶע אוֹירֶען, אַזוֹי וֶועל אִיךְ טְהוּן מֵיין רִינְג אַן דֵיינֶע נָאז, אוּנְד מֵיין צוֹים אַן דֵיינֶע לִיפֶּען, אוּנְד אִיךְ וֶועל דִיךְ צוּרִיקְקֶעהְרֶען אִין דֶעם וֶועג וָואס דוּא בִּיסְט אוֹיף אִיהְם גֶעקוּמֶען: 29 אוּנְד דָאס זָאל צוּ דִיר זֵיין דֶער צֵייכֶען, דָאס דָאזִיגֶע יָאהְר וֶועט אִיהְר עֶסֶען וִוידֶערְוַואקְסוּנְג, אוּנְד אִין דֶעם צְוֵוייטֶען יָאהְר — וִוילְדֶע וַואקְסוּנְג, אוּנְד אִין דֶעם דְרִיטֶען יָאהְר וֶועט אִיהְר זֵייעֶן אוּנְד שְׁנֵיידֶען, אוּנְד פְלַאנְצֶען וֵויינְגֶערְטֶען אוּנְד אוֹיךְ עֶסֶען זֵייעֶרֶע פְרוּכְט: 30 אוּנְד דִיא אַנְטְרוּנֶענֶע פוּן דֶעם הוֹיז יְהוּדָה, דִיא וָואס זֶענֶען אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּען, וֶועלֶען פֶערְמֶעהְרֶען אוּנְטֶער זִיךְ וָוארְצֶעלְן, אוּנְד וֶועלֶען אִיבֶּער זִיךְ פְרוּכְט טְרָאגֶען: 31 וָוארִין אוֹיס יְרוּשָׁלַיִם וֶועט אַרוֹיסְגֵיין אֵיינֶע אִיבֶּערְבְּלֵייבּוּנְג, אוּנְד אֵיין אַנְטְרִינוּנְג פוּן דֶעם בַּארְג צִיוֹן, דִיא קִנְאָה פוּן דֶעם הַאר צְבָאוֹת וֶועט עֶס טְהוּן: 32 דָארוּם הָאט דֶער הַאר אַזוֹי גֶעזָאגְט אוֹיף דֶעם קֶענִיג פוּן אַשּׁוּר, עֶר וֶועט נִיט אַרֵיינְ־קוּמֶען אִין דִיא דָאזִיגֶע שְׁטָאט, אוּנְד עֶר וֶועט דָארְט נִיט שִׁיסֶען קֵיין פֵייל, אוּנְד עֶר וֶועט נִיט קוּמֶען קֶעגֶען אִיהְר מִיט אַ שִׁילְד, אוּנְד עֶר וֶועט נִיט אוֹיפְשִׁיטֶען אוֹיף אִיהְר אַ שַׁאנְץ (בַּארְג עֶרְד): 33 אִין דֶעם וֶועג וָואס עֶר אִיז גֶעקוּמֶען, אוֹיף אִיהְם וֶועט עֶר זִיךְ צוּרִיקְקֶעהְ־רֶען אוּנְד צוּ דֶער דָאזִיגֶער שְׁטָאט וֶועט עֶר נִיט קוּמֶען, זָאגְט דֶער הַאר: 34 אוּנְד אִיךְ וֶועל בֶּעשִׁיצֶען דִיא דָאזִיגֶע שְׁטָאט אִיהְר צוּ הֶעלְפֶען, פוּן מֵיינֶעטְוֶועגֶען אוּנְד וֶועגֶען מֵיין קְנֶעכְט דָוִד: 35 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אִין יֶענֶע נַאכְט, אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען אַ מַלְאָךְ פוּן דֶעם הַאר, אוּנְד עֶר הָאט גֶעשְׁלָאגֶען אִין דֶער מַחֲנֶה פוּן אַשּׁוּר, הוּנְדֶערְט אוּנְד פִינְף אוּנְד אַכְצִיג טוֹיזֶענְד (מַאן). אוּנְד וֶוען זַייא (יְהוּדָה) זֶענֶען אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען
אין

אָמַר יְהוָה אֱלֹהֵי יִשְׂרָאֵל אֲשֶׁר הִתְפַּלַּלְתָּ אֵלַי אֶל־
סַנְחֵרִב מֶלֶךְ־אַשּׁוּר שָׁמָעְתִּי׃ זֶה הַדָּבָר אֲשֶׁר־דִּבֶּר יְהוָה 21
עָלָיו בָּזָה לְךָ לָעֲגָה לְךָ בְּתוּלַת בַּת־צִיּוֹן אַחֲרֶיךָ רֹאשׁ
הֵנִיעָה בַּת יְרוּשָׁלִָם׃ אֶת־מִי חֵרַפְתָּ וְגִדַּפְתָּ וְעַל־מִי 22
הֲרִימוֹתָ קּוֹל וַתִּשָּׂא מָרוֹם עֵינֶיךָ עַל־קְדוֹשׁ יִשְׂרָאֵל׃ בְּיַד 23
מַלְאָכֶיךָ חֵרַפְתָּ ׀ אֲדֹנָי וַתֹּאמֶר בְּרֹכֶב רִכְבִּי אֲנִי עָלִיתִי
מְרוֹם הָרִים יַרְכְּתֵי לְבָנוֹן וְאֶכְרֹת קוֹמַת אֲרָזָיו מִבְחוֹר
בְּרֹשָׁיו וְאָבוֹאָה מְלוֹן קִצֹּה יַעַר כַּרְמִלּוֹ׃ אֲנִי קַרְתִּי 24
וְשָׁתִיתִי מַיִם זָרִים וְאַחְרִב בְּכַף פְּעָמַי כֹּל יְאֹרֵי מָצוֹר׃
הֲלֹא־שָׁמַעְתָּ לְמֵרָחוֹק אֹתָהּ עָשִׂיתִי לְמִימֵי קֶדֶם וִיצַרְתִּיהָ כה
עַתָּה הֲבֵאתִיהָ וּתְהִי לַהְשׁוֹת גַּלִּים נִצִּים עָרִים בְּצֻרוֹת׃
וְיֹשְׁבֵיהֶן קִצְרֵי־יָד חַתּוּ וַיֵּבֹשׁוּ הָיוּ עֵשֶׂב שָׂדֶה וִירַק דֶּשֶׁא 26
חֲצִיר גַּגּוֹת וּשְׁדֵפָה לִפְנֵי קָמָה׃ וְשִׁבְתְּךָ וְצֵאתְךָ וּבֹאֲךָ 27
יָדָעְתִּי וְאֵת הִתְרַגֶּזְךָ אֵלָי׃ יַעַן הִתְרַגֶּזְךָ אֵלַי וְשַׁאֲנַנְךָ 28
עָלָה בְאָזְנָי וְשַׂמְתִּי חַחִי בְּאַפֶּךָ וּמִתְגִּי בִּשְׂפָתֶיךָ וַהֲשִׁבֹתִיךָ
בַּדֶּרֶךְ אֲשֶׁר־בָּאתָ בָּהּ׃ וְזֶה־לְּךָ הָאוֹת אָכוֹל הַשָּׁנָה 29
סָפִיחַ וּבַשָּׁנָה הַשֵּׁנִית סָחִישׁ וּבַשָּׁנָה הַשְּׁלִישִׁית זִרְעוּ
וְקִצְרוּ וְנִטְעוּ כְרָמִים וְאִכְלוּ פִּרְיָם׃ וְיָסְפָה פְּלֵיטַת בֵּית־ ל
יְהוּדָה הַנִּשְׁאָרָה שֹׁרֶשׁ לְמָטָּה וְעָשָׂה פְרִי לְמָעְלָה׃ כִּי 31
מִירוּשָׁלִַם תֵּצֵא שְׁאֵרִית וּפְלֵיטָה מֵהַר צִיּוֹן קִנְאַת יְהוָה
תַּעֲשֶׂה־זֹּאת׃ לָכֵן כֹּה־אָמַר יְהוָה אֶל־מֶלֶךְ 32
אַשּׁוּר לֹא יָבֹא אֶל־הָעִיר הַזֹּאת וְלֹא־יוֹרֶה שָׁם חֵץ וְלֹא־
יְקַדְּמֶנָּה מָגֵן וְלֹא־יִשְׁפֹּךְ עָלֶיהָ סֹלְלָה׃ בַּדֶּרֶךְ אֲשֶׁר־ 33
יָבֹא בָּהּ יָשׁוּב וְאֶל־הָעִיר הַזֹּאת לֹא יָבֹא נְאֻם־יְהוָה׃
וְגַנּוֹתִי אֶל־הָעִיר הַזֹּאת לְהוֹשִׁיעָהּ לְמַעֲנִי וּלְמַעַן דָּוִד 34
עַבְדִּי׃ וַיְהִי בַּלַּיְלָה הַהוּא וַיֵּצֵא ׀ מַלְאַךְ יְהוָה לה
וַיַּךְ בְּמַחֲנֵה אַשּׁוּר מֵאָה שְׁמוֹנִים וַחֲמִשָּׁה אָלֶף וַיַּשְׁכִּימ

36 בַּבֹּקֶר וְהִנֵּה כֻלָּם פְּגָרִים מֵתִים: וַיִּסַּע וַיֵּלֶךְ וַיָּשָׁב
37 סַנְחֵרִיב מֶלֶךְ־אַשּׁוּר וַיֵּשֶׁב בְּנִינְוֵה: וַיְהִי הוּא מִשְׁתַּחֲוֶה
בֵּית ׀ נִסְרֹךְ אֱלֹהָיו וְאַדְרַמֶּלֶךְ וְשַׂרְאֶצֶר ... הִכֻּהוּ
בַחֶרֶב וְהֵמָּה נִמְלְטוּ אֶרֶץ אֲרָרָט וַיִּמְלֹךְ אֵסַר־חַדֹּן
בְּנוֹ תַּחְתָּיו:

כ

א בַּיָּמִים הָהֵם חָלָה חִזְקִיָּהוּ לָמוּת וַיָּבֹא אֵלָיו יְשַׁעְיָהוּ
בֶן־אָמוֹץ הַנָּבִיא וַיֹּאמֶר אֵלָיו כֹּה־אָמַר יְהוָה צַו לְבֵיתֶךָ
2 כִּי מֵת אַתָּה וְלֹא תִחְיֶה: וַיַּסֵּב אֶת־פָּנָיו אֶל־הַקִּיר וַיִּתְפַּלֵּל
3 אֶל־יְהוָה לֵאמֹר: אָנָּה יְהוָה זְכָר־נָא אֵת אֲשֶׁר הִתְהַלַּכְתִּי
לְפָנֶיךָ בֶּאֱמֶת וּבְלֵבָב שָׁלֵם וְהַטּוֹב בְּעֵינֶיךָ עָשִׂיתִי וַיֵּבְךְּ
4 חִזְקִיָּהוּ בְּכִי גָדוֹל: וַיְהִי יְשַׁעְיָהוּ לֹא יָצָא הָעִיר
ה הַתִּיכֹנָה וּדְבַר יְהוָה הָיָה אֵלָיו לֵאמֹר: שׁוּב וְאָמַרְתָּ אֶל־
חִזְקִיָּהוּ ׀ נְגִיד עַמִּי כֹּה־אָמַר יְהוָה אֱלֹהֵי דָּוִד אָבִיךָ
שָׁמַעְתִּי אֶת־תְּפִלָּתֶךָ רָאִיתִי אֶת־דִּמְעָתֶךָ הִנְנִי רֹפֶא לָךְ
6 בַּיּוֹם הַשְּׁלִישִׁי תַּעֲלֶה בֵּית יְהוָה: וְהֹסַפְתִּי עַל־יָמֶיךָ
חֲמֵשׁ עֶשְׂרֵה שָׁנָה וּמִכַּף מֶלֶךְ־אַשּׁוּר אַצִּילְךָ וְאֵת הָעִיר
הַזֹּאת וְגַנּוֹתִי עַל־הָעִיר הַזֹּאת לְמַעֲנִי וּלְמַעַן דָּוִד עַבְדִּי:
7 וַיֹּאמֶר יְשַׁעְיָהוּ קְחוּ דְּבֶלֶת תְּאֵנִים וַיִּקְחוּ וַיָּשִׂימוּ עַל־
8 הַשְּׁחִין וַיֶּחִי: וַיֹּאמֶר חִזְקִיָּהוּ אֶל־יְשַׁעְיָהוּ מָה אוֹת כִּי־
9 יִרְפָּא יְהוָה לִי וְעָלִיתִי בַּיּוֹם הַשְּׁלִישִׁי בֵּית יְהוָה: וַיֹּאמֶר
יְשַׁעְיָהוּ זֶה־לְּךָ הָאוֹת מֵאֵת יְהוָה כִּי יַעֲשֶׂה יְהוָה אֶת־
הַדָּבָר אֲשֶׁר דִּבֵּר הָלַךְ הַצֵּל עֶשֶׂר מַעֲלוֹת אִם־יָשׁוּב
י עֶשֶׂר מַעֲלוֹת: וַיֹּאמֶר יְחִזְקִיָּהוּ נָקֵל לַצֵּל לִנְטוֹת עֶשֶׂר
11 מַעֲלוֹת לֹא כִּי יָשׁוּב הַצֵּל אֲחֹרַנִּית עֶשֶׂר מַעֲלוֹת: וַיִּקְרָא
יְשַׁעְיָהוּ הַנָּבִיא אֶל־יְהוָה וַיָּשֶׁב אֶת־הַצֵּל בַּמַּעֲלוֹת אֲשֶׁר
12 יָרְדָה בְּמַעֲלוֹת אָחָז אֲחֹרַנִּית עֶשֶׂר מַעֲלוֹת: בָּעֵת

אִין דֶער פְרִיה, אוּנְד זֶעה, אַלֶע וַוארֶען
טוֹיטֶע קֶערְפֶּער: 36 אוּנְד עֶר הָאט
גֶעצוֹיגֶען אוּנְד אִיז אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען, אוּנְד
סַנְחֵרִב קֶענִיג פוּן אַשּׁוּר הָאט צוּרִיקְגֶע־
קֶעהְרְט, אוּנְד הָאט זִיךְ בֶּעזֶעצְט אִין
נִינְוֵה: 37 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען וֶוען
עֶר הָאט זִיךְ גֶעבּוּקְט אִין דֶעם הוֹיז פוּן
נִסְרוֹךְ זַיין גָאט, הָאבֶּען אַדְרַמֶּלֶךְ אוּנְד
שַׂרְאֶצֶר זַיינֶע זוּהְן אִיהְם גֶעשְׁלָאגֶען מִיט
דֶעם שְׁווֶערְד, אוּנְד זַייא זֶענֶען אַנְטְרוּנֶען
גֶעוָוארֶען צוּ דֶעם לַאנְד אֲרָרָט, אוּנְד זַיין
זוּהְן אֵסַר־חַדּוֹן הָאט רֶעגִירְט אַן זַיינֶער
שְׁטָעל:

קאפיטעל כ

1 אִין יֶענֶע טֶעג אִיז חִזְקִיָּהוּ קְרַאנְק
גֶעוָוארֶען צוּ שְׁטַארְבֶּען, אַזוֹי אִיז צוּ
אִיהְם גֶעקוּמֶען יְשַׁעְיָהוּ זוּהְן פוּן אָמוֹץ
דֶער נָבִיא, אוּנְד עֶר הָאט צוּ אִיהְם
גֶעזָאגְט, אַזוֹי הָאט דֶער הַאר גֶעזָאגְט,
מַאךְ אַ צַוָּאָה צוּ דַיין הוֹיז, וָוארִין דוּא
וֶועסְט שְׁטַארְבֶּען, אוּנְד דוּא וֶועסְט נִיט
לֶעבֶּען בְּלֵייבֶּען: 2 אוּנְד עֶר הָאט גֶע־
קֶעהְרְט זַיין פָּנִים צוּ דֶער וַואנְד, אוּנְד
עֶר הָאט גֶעבֶּעטֶען צוּ דֶעם הַאר אַזוֹי צוּ זָאגֶען: 3 אִיךְ בֶּעט דִיךְ הַאר, גֶעדֶענְק
דָאךְ דָאס אִיךְ בִּין פָאר דִיר גֶעגַאנְגֶען מִיט אֱמֶת אוּנְד מִיט מַיין גַאנְצֶען הַארְץ, אוּנְד
אִיךְ הָאבּ גֶעטְהוּן וָואס אִיז גוּט אִין דַיינֶע אוֹיגֶען. אוּנְד חִזְקִיָּהוּ הָאט גֶעוֵויינְט אַ גְרוֹיס
גֶעוֵויין: 4 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען דָאס יְשַׁעְיָהוּ אִיז נָאךְ נִיט אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען פוּן דֶעם
מִיטֶעלְסְטֶען הוֹיף, אַזוֹי אִיז דָאס וָוארְט פוּן דֶעם הַאר צוּ אִיהְם גֶעוֶועזֶען אַזוֹי צוּ
זָאגֶען: 5 קֶעהְר דִיךְ צוּרִיק, אוּנְד דוּא זָאלְסְט זָאגֶען צוּ חִזְקִיָּהוּ דֶעם הַאר אִיבֶּער מַיין
פָאלְק, אַזוֹי הָאט גֶעזָאגְט דֶער הַאר, דֶער גָאט פוּן דַיין פָאטֶער דָוִד, אִיךְ הָאבּ גֶעהֶערְט
דַיין גֶעבֶּעט, אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען דַיינֶע טְרֶערֶען, זֶעה, אִיךְ וֶועל דִיךְ הֵיילֶען, אִין דֶעם
דְרִיטֶען טָאג וֶועסְט דוּא אַרוֹיפְגֵיין אִין דֶעם הוֹיז פוּן דֶעם הַאר: 6 אוּנְד אִיךְ וֶועל
מֶעהְרֶען אוֹיף דַיינֶע טֶעג פוּפְצֶעהְן יָאהְר, אוּנְד פוּן דֶער הַאנְד פוּן דֶעם קֶענִיג אַשּׁוּר
וֶועל אִיךְ דִיךְ רֶעטֶען, אוּנְד אוֹיךְ דִיא דָאזִיגֶע שְׁטָאט, אוּנְד אִיךְ וֶועל בֶּעשִׁיצֶען דִיא
דָאזִיגֶע שְׁטָאט מֵיינֶעטְוֶועגֶען אוּנְד וֶועגֶען מַיין קְנֶעכְט דָוִד: 7 אוּנְד יְשַׁעְיָהוּ הָאט
גֶעזָאגְט, נֶעמְט אַ פְלַאסְטֶער פוּן פֵייגֶען, אוּנְד וֶוען זַייא הָאבֶּען עֶס גֶענוּמֶען אוּנְד
הָאבֶּען עֶס גֶעלֵייגְט אוֹיף זַיין גְרוּנְד אַזוֹי אִיז עֶר גֶעזוּנְד גֶעוָוארֶען: 8 אוּנְד חִזְקִיָּהוּ
הָאט גֶעזָאגְט צוּ יְשַׁעְיָהוּ, וָואס אִיז דֶער צֵייכֶען דָאס דֶער הַאר וֶועט מִיךְ הֵיילֶען אוּנְד
אַז אִיךְ וֶועל אַרוֹיפְגֵיין אִין דֶעם דְרִיטֶען טָאג צוּ דֶעם הוֹיז פוּן דֶעם הַאר? 9 אוּנְד
יְשַׁעְיָהוּ הָאט גֶעזָאגְט, דָאס אִיז צוּ דִיר דָאס צֵייכֶען פוּן דֶעם הַאר, דָאס דֶער
הַאר וֶועט טְהוּן דִיא זַאךְ וָואס עֶר הָאט גֶערֶעט, זָאל דֶער שָׁאטֶען אַרוּפְגֵיין
צֶעהְן שְׁטַאפֶּעלְן, אָדֶער זָאל עֶר זִיךְ צוּרִיקְקֶעהְרֶען צֶעהְן שְׁטַאפֶּעלְן? 10 אוּנְד
חִזְקִיָּהוּ הָאט גֶעזָאגְט, עֶס אִיז גְרִינְגֶער פַאר דֶעם שָׁאטֶען זִיךְ אָפְּצוּנֵייגֶען צֶעהְן
שְׁטַאפֶּעלְן. נֵיין, נֵייעֶרְט לָאז דֶער שָׁאטֶען הִינְטֶער זִיךְ צוּרִיקְקֶעהְרֶען צֶעהְן
שְׁטַאפֶּעלְן: 11 אוּנְד דֶער נָבִיא יְשַׁעְיָהוּ הָאט גֶערוּפֶען צוּ דֶעם הַאר, אוּנְד עֶר
עֶר הָאט צוּרִיקְגֶעקֶעהְרְט דֶעם שָׁאטֶען וָואס אִיז אַרוּפְגֶענִידֶערְט אוֹיף דֶעם
זוּנְצֵייגֶער פוּן אָחָז, הִינְטֶער זִיךְ צֶעהְן שְׁטַאפֶּעלְן: 12 אִין יֶענֶער צֵייט

הַהִוא שָׁלַח בְּרֹאדַךְ בַּלְאֲדָן בֶּן־בַּלְאֲדָן מֶלֶךְ־בָּבֶל סְפָרִים
וּמִנְחָה אֶל־חִזְקִיָּהוּ כִּי שָׁמַע כִּי חָלָה חִזְקִיָּהוּ׃ וַיִּשְׁמַע 13
עֲלֵיהֶם חִזְקִיָּהוּ וַיַּרְאֵם אֶת־כָּל־בֵּית נְכֹתֹה אֶת־הַכֶּסֶף
וְאֶת־הַזָּהָב וְאֶת־הַבְּשָׂמִים וְאֵת ׀ שֶׁמֶן הַטּוֹב וְאֵת בֵּית
כֵּלָיו וְאֵת כָּל־אֲשֶׁר נִמְצָא בְּאֹצְרֹתָיו לֹא־הָיָה דָבָר
אֲשֶׁר לֹא־הֶרְאָם חִזְקִיָּהוּ בְּבֵיתוֹ וּבְכָל־מֶמְשַׁלְתּוֹ׃ וַיָּבֹא 14
יְשַׁעְיָהוּ הַנָּבִיא אֶל־הַמֶּלֶךְ חִזְקִיָּהוּ וַיֹּאמֶר אֵלָיו מָה־אָמְרוּ ׀
הָאֲנָשִׁים הָאֵלֶּה וּמֵאַיִן יָבֹאוּ אֵלֶיךָ וַיֹּאמֶר חִזְקִיָּהוּ מֵאֶרֶץ
רְחוֹקָה בָּאוּ מִבָּבֶל׃ וַיֹּאמֶר מָה רָאוּ בְּבֵיתֶךָ וַיֹּאמֶר טו
חִזְקִיָּהוּ אֵת כָּל־אֲשֶׁר בְּבֵיתִי רָאוּ לֹא־הָיָה דָבָר אֲשֶׁר
לֹא־הִרְאִיתִם בְּאֹצְרֹתָי׃ וַיֹּאמֶר יְשַׁעְיָהוּ אֶל־חִזְקִיָּהוּ 16
שְׁמַע דְּבַר־יְהוָה׃ הִנֵּה יָמִים בָּאִים וְנִשָּׂא ׀ כָּל־אֲשֶׁר 17
בְּבֵיתֶךָ וַאֲשֶׁר אָצְרוּ אֲבֹתֶיךָ עַד־הַיּוֹם הַזֶּה בָּבֶלָה לֹא־
יִוָּתֵר דָּבָר אָמַר יְהוָה׃ וּמִבָּנֶיךָ אֲשֶׁר יֵצְאוּ מִמְּךָ אֲשֶׁר 18
תּוֹלִיד יִקָּח וְהָיוּ סָרִיסִים בְּהֵיכַל מֶלֶךְ בָּבֶל׃ וַיֹּאמֶר 19
חִזְקִיָּהוּ אֶל־יְשַׁעְיָהוּ טוֹב דְּבַר־יְהוָה אֲשֶׁר דִּבַּרְתָּ וַיֹּאמֶר
הֲלוֹא אִם־שָׁלוֹם וֶאֱמֶת יִהְיֶה בְיָמָי׃ וְיֶתֶר דִּבְרֵי חִזְקִיָּהוּ כ
וְכָל־גְּבוּרָתוֹ וַאֲשֶׁר עָשָׂה אֶת־הַבְּרֵכָה וְאֶת־הַתְּעָלָה וַיָּבֵא
אֶת־הַמַּיִם הָעִירָה הֲלֹא־הֵם כְּתוּבִים עַל־סֵפֶר דִּבְרֵי
הַיָּמִים לְמַלְכֵי יְהוּדָה׃ וַיִּשְׁכַּב חִזְקִיָּהוּ עִם־אֲבֹתָיו וַיִּמְלֹךְ 21
מְנַשֶּׁה בְנוֹ תַּחְתָּיו׃

## כא כא

בֶּן־שְׁתֵּים עֶשְׂרֵה שָׁנָה מְנַשֶּׁה בְמָלְכוֹ וַחֲמִשִּׁים וְחָמֵשׁ א
שָׁנָה מָלַךְ בִּירוּשָׁלָ͏ִם וְשֵׁם אִמּוֹ חֶפְצִי־בָה׃ וַיַּעַשׂ הָרַע 2
בְּעֵינֵי יְהוָה כְּתוֹעֲבֹת הַגּוֹיִם אֲשֶׁר הוֹרִישׁ יְהוָה מִפְּנֵי
בְּנֵי יִשְׂרָאֵל׃ וַיָּשָׁב וַיִּבֶן אֶת־הַבָּמוֹת אֲשֶׁר אִבַּד חִזְקִיָּהוּ 3
אָבִיו וַיָּקֶם מִזְבְּחֹת לַבַּעַל וַיַּעַשׂ אֲשֵׁרָה כַּאֲשֶׁר עָשָׂה

האָט בּראָדך בּלְאֲדָן זוהן פון בּלְאֲדָן קעניג פון בָּבֶל געשיקט בּריף אונד א מַתָּנָה צו חִזְקִיָּהו, וואָרין ער האָט געהערט אַז חִזְקִיָּהו איז קראַנק געוועזען: 13 אונד חִזְקִיָּהו האָט זייא אָנגעהערט אונד ער האָט זייא געוויזען דאָס גאַנצע שאַצהויז, דאָס זילבּער אונד דאָס גאָלד, אונד דאָס געווירץ, אונד דאָס גוטע אייל, אונד דאָס גאַנצע הויז פון זיינע כֵּלִים, אונד אַלעס וואָס האָט זיך געפונען אין זיינע אוֹצָרוֹת, עס איז ניט געוועזען איינע זאַך, וואָס חִזְקִיָּהו האָט זייא ניט געוויזען אין זיין הויז, אונד אין זיינע גאַנצע הערשאַפט: 14 אונד דער נביא יְשַׁעְיָהו איז געקומען צו דעם קעניג חִזְקִיָּהו, אונד ער האָט צו איהם געזאָגט, וואָס האָבען דיר דיא דאָזיגע מענשען געזאָגט, אונד פון וואַנען זענען זייא צו דיר געקומען? אונד חִזְקִיָּהו האָט געזאָגט, זייא זענען געקומען פון א ווייט לאַנד, פון בָּבֶל: 15 אונד ער האָט געזאָגט, וואָס האָבען זייא געזעהען אין דיין הויז? אונד חִזְקִיָּהו האָט געזאָגט, אַלעס וואָס איז אין מיין הויז האָבען זייא געזעהען, עס איז ניט געוועזען איינע זאַך וואָס איך האָב זייא ניט געוויזען אין מיינע אוֹצָרוֹת: 16 אונד יְשַׁעְיָהו האָט געזאָגט צו חִזְקִיָּהו, הער דאָס וואָרט פון דעם האַר: 17 זעה, עס וועלען קומען טעג, אונד אַלעס וואָס איז אין דיין הויז אונד וואָס דיינע עלטערן האָבען אָנגעזאַמעלט, ביז צו דעם היינטיגען טאָג, וועט אַוועקגעטראָגען ווערען קיין בָּבֶל, עס וועט ניט איבּערבּלייבּען איינע זאַך, זאָגט דער האַר; 18 אונד פון דיינע קינדער וואָס וועלען אַרויסגיין פון דיר, וואָס דוא וועסט געווינען, וועלען גענומען ווערען, אונד זייא וועלען זיין הויפדינער אין דעם פּאַלאַסט פון דעם קעניג פון בָּבֶל: 19 אונד חִזְקִיָּהו האָט געזאָגט צו יְשַׁעְיָהו, עס איז גוט דאָס וואָרט פון דעם האַר וואָס דוא האָסט גערעדט, אונד ער האָט געזאָגט, לאָז דאָך נאָר זיין פרידען אונד וואָהרהייט אין מיינע צייטען: 20 אונד דיא איבּריגע זאַכען פון חִזְקִיָּהו, אונד זיינע גאַנצע שטאַרקייט, אונד וואָס ער האָט געמאַכט דעם טייך אונד דעם גרובּען, אונד ער האָט אַריינגעבּראַכט דאָס וואַסער אין דיא שטאָט, זענען זייא ניט איינגעשריבּען אין דעם בּוך פון דיא טעג־געשיכטע פון דיא קעניגע פון יְהוּדָה? 21 אונד חִזְקִיָּהו האָט זיך געלייגט מיט זיינע עלטערן, אונד זיין זוהן מְנַשֶּׁה האָט רעגירט אַן זיינער שטעל:

## קאפיטעל כא

1 צוועלף יאָהר איז מְנַשֶּׁה אַלט געוועזען ווען ער איז געוואָרען קעניג, אונד צוויא אונד פופציג יאָהר האָט ער רעגירט אין יְרוּשָׁלַיִם, אונד דער נאָמען פון זיינע מוטער איז געוועזען חֶפְצִי־בָה: 2 אונד ער האָט געטהון שלעכטעס אין דיא אויגען פון דעם האַר, אַזוי וויא דיא אומווירדיגקייט פון דיא פעלקער וואָס דער האַר האָט פערטריבּען, פאַר דיא קינדער יִשְׂרָאֵל: 3 אונד ער האָט זיך צוריקגעקעהרט אונד ער האָט געבּויט דיא בָּמוֹת וואָס זיין פאָטער חִזְקִיָּהו האָט פערניכטעט, אונד ער האָט אויפגעשטעלט מִזְבְּחוֹת צו דעם בַּעַל, אונד ער האָט געמאַכט א לינדען־בּוים, אַזוי וויא

אחאב מלך ישראל וישתחו לכל־צבא השמים ויעבד
4 אתם: ובנה מזבחת בבית יהוה אשר אמר יהוה
ה בירושלם אשים את־שמי: ויבן מזבחות לכל־צבא
6 השמים בשתי חצרות בית־יהוה: והעביר את־בנו
באש ועונן ונחש ועשה אוב וידענים הרבה לעשות
7 הרע בעיני יהוה להכעיס: וישם את־פסל האשרה
אשר עשה בבית אשר אמר יהוה אל־דוד ואל־שלמה
בנו בבית הזה ובירושלם אשר בחרתי מכל שבטי
8 ישראל אשים את־שמי לעולם: ולא אסיף להניד רגל
ישראל מן־האדמה אשר נתתי לאבותם רק | אם־ישמרו
לעשות ככל אשר צויתים ולכל־התורה אשר־צוה אתם
9 עבדי משה: ולא שמעו ויתעם מנשה לעשות את־הרע
מן־הגוים אשר השמיד יהוה מפני בני ישראל:
י 11 וידבר יהוה ביד־עבדיו הנביאים לאמר: יען אשר
עשה מנשה מלך־יהודה התעבות האלה הרע מכל
אשר־עשו האמרי אשר לפניו ויחטא גם־את־יהודה
12 בגלוליו: לכן כה־אמר יהוה אלהי ישראל הנני
מביא רעה על־ירושלם ויהודה אשר כל־שמעיו תצלנה
13 שתי אזניו: ונטיתי על־ירושלם את קו שמרון ואת־
משקלת בית אחאב ומחיתי את־ירושלם כאשר־ימחה
14 את־הצלחת מחה והפך על־פניה: ונטשתי את שארית
נחלתי ונתתים ביד איביהם והיו לבז ולמשסה לכל־
טו איביהם: יען אשר עשו את־הרע בעיני ויהיו מכעסים
אתי מן־היום אשר יצאו אבתם ממצרים ועד היום הזה:
16 וגם דם נקי שפך מנשה הרבה מאד עד אשר־מלא
את־ירושלם פה לפה לבד מחטאתו אשר החטיא את־
17 יהודה לעשות הרע בעיני יהוה: ויתר דברי מנשה

אחאב קעניג פון ישראל האט געטהון,
אונד ער האט זיך געבוקט צו דער
גאנצער הערשאפט וואס איז אין דעם
הימעל, אונד ער האט זייא געדינט:
4 אונד ער האט געבויט מזבחות אין
דעם הויז פון דעם האר, וואס דער האר
האט געזאגט, אין ירושלים וועל איך
מיין נאמען טהון: 5 אונד ער האט
געבויט מזבחות צו אלע הערשאפטען
פון דעם הימעל, איןביידע הויפען וואס
איז אין דעם הויז פון דעם האר: 6 אונד
ער האט זיין זוהן געפיהרט דורך פייער,
אונד ער האט געצויבערט, אונד ער
האט געמאכט טויטענבעשווערער, אונד
צייכענדייטער, ער האט געמעהרט
שלעכטעס צו טהון אין דיא אויגען
פון דעם האר, איהם צו דערצארנען:
7 אונד ער האט אויפגעשטעלט דאס
געצענבילד פון דעם לינדענבוים, וואס
ער האט געמאכט, אין דעם הויז וואס
דער האר האט געזאגט צו דוד אונד
צו זיין קנעכט שלמה, אין דעם דאזיגען
הויז אונד אין ירושלים, וואס איך האב
אויסדערוויילט מעהר פון אלע שבטים
פון ישראל, וועל איך מיין נאמען טהון
אויף אייביג: 8 אונד איך וועל ניט מעהרען צו פערוואגעלן איין פוס פון
ישראל, פון דעם לאנד וואס איך האב געגעבען צו זייערע עלטערען, נייערט,
ווען זייא וועלען היטען צו טהון אלעס וואס איך האב זייא געבאטען, אונד
נאך דער גאנצער תורה, וואס מיין קנעכט משה האט זייא געבאטען: 9 אבער
זייא האבען ניט געהארכט, אונד מנשה האט זייא פארפיהרט צו טהון דאס
שלעכטע פון דיא פעלקער, וועלכע דער האר האט פארטיליגט פאר דיא
קינדער פון ישראל: 10 אונד דער האר האט גערעט דורך זיינע קנעכט דיא
נביאים, אזוי צו זאגען: 11 וויל מנשה דער קעניג פון יהודה האט געטהון
דיא דאזיגע אומווירדיגקייט, ער האט מעהר שלעכטעס געטהון פון אלעם וואס
דיא אמורים וואס זענען געוועזען פאר איהם האבען געטהון, אונד ער האט
אויך יהודה געמאכט זינדיגען מיט זיינע געצענבילדער: 12 דארום האט דער
האר דער גאט פון ישראל אזוי געזאגט, זעה, איך ברענג שלעכטעס אויף
ירושלים אונד יהודה, אז דיא וואס וועלען דאס הערען, וועלען זיינע ביידע
אויערען קלינגען: 13 אונד איך וועל פערציהען אויף ירושלים דיא שנור פון
שמרון, אונד דיא געוויכט־שנור פון דעם הויז פון אחאב, אונד איך וועל
אויסווישען ירושלים ווייא מען ווישט אויס א שיסעל, אויסגעווישט אונד
איבערגעקעהרט אויף איהר פנים: 14 אונד איך וועל פערלאזען דאס איבריגע
פון מיין ערבטייל, אונד איך וועל זייא איבערגעבען אין דיא האנד פון זייערע
פיינד, אונד זייא וועלען זיין אלס רויב צו אלע זייערע פיינד: 15 וויל זייא
האבען שלעכטעס געטהון אין מיינע אויגען, אונד זייא האבען מיך דערצארנט,
פון דעם טאג אן וואס זייא זענען ארויסגעגאנגען אויס מצרים, ביז צו דעם
היינטיגען טאג: 16 אונד אויך אונשולדיגעס בלוט האט מנשה זעהר פיל פער־
גאסען, ביז ער האט פול געמאכט ירושלים פון ברעג צו ברעג, חוץ פון זיינע
זינד דאמיט וואס ער האט יהודה געמאכט זינדיגען, דאס שלעכטע צו טהון
אין דיא אויגען פון דעם האר: 17 אונד דיא איבריגע זאכען פון מנשה,

וְכָל־אֲשֶׁר עָשָׂה וְחַטָּאתוֹ אֲשֶׁר חָטָא הֲלֹא־הֵם כְּתוּבִים
עַל־סֵפֶר דִּבְרֵי הַיָּמִים לְמַלְכֵי יְהוּדָה׃ וַיִּשְׁכַּב מְנַשֶּׁה עִם־ 18
אֲבֹתָיו וַיִּקָּבֵר בְּגַן־בֵּיתוֹ בְּגַן־עֻזָּא וַיִּמְלֹךְ אָמוֹן בְּנוֹ תַּחְתָּיו׃
בֶּן־עֶשְׂרִים וּשְׁתַּיִם שָׁנָה אָמוֹן בְּמָלְכוֹ וּשְׁתַּיִם 19
שָׁנִים מָלַךְ בִּירוּשָׁלִָם וְשֵׁם אִמּוֹ מְשֻׁלֶּמֶת בַּת־חָרוּץ מִן־
יָטְבָה׃ וַיַּעַשׂ הָרַע בְּעֵינֵי יְהוָה כַּאֲשֶׁר עָשָׂה מְנַשֶּׁה אָבִיו׃ כ
וַיֵּלֶךְ בְּכָל־הַדֶּרֶךְ אֲשֶׁר־הָלַךְ אָבִיו וַיַּעֲבֹד אֶת־הַגִּלֻּלִים 21
אֲשֶׁר־עָבַד אָבִיו וַיִּשְׁתַּחוּ לָהֶם׃ וַיַּעֲזֹב אֶת־יְהוָה אֱלֹהֵי 22
אֲבֹתָיו וְלֹא־הָלַךְ בְּדֶרֶךְ יְהוָה׃ וַיִּקְשְׁרוּ עַבְדֵי־אָמוֹן עָלָיו 23
וַיָּמִיתוּ אֶת־הַמֶּלֶךְ בְּבֵיתוֹ׃ וַיַּךְ עַם־הָאָרֶץ אֵת כָּל־הַקֹּשְׁרִים 24
עַל־הַמֶּלֶךְ אָמוֹן וַיַּמְלִיכוּ עַם־הָאָרֶץ אֶת־יֹאשִׁיָּהוּ בְנוֹ
תַּחְתָּיו׃ וְיֶתֶר דִּבְרֵי אָמוֹן אֲשֶׁר עָשָׂה הֲלֹא־הֵם כְּתוּבִים כה
עַל־סֵפֶר דִּבְרֵי הַיָּמִים לְמַלְכֵי יְהוּדָה׃ וַיִּקְבֹּר אֹתוֹ בִּקְבֻרָתוֹ 26
בְּגַן־עֻזָּא וַיִּמְלֹךְ יֹאשִׁיָּהוּ בְנוֹ תַּחְתָּיו׃

## כב

כב
בֶּן־שְׁמֹנֶה שָׁנָה יֹאשִׁיָּהוּ בְמָלְכוֹ וּשְׁלֹשִׁים וְאַחַת שָׁנָה א
מָלַךְ בִּירוּשָׁלִָם וְשֵׁם אִמּוֹ יְדִידָה בַת־עֲדָיָה מִבָּצְקַת׃
וַיַּעַשׂ הַיָּשָׁר בְּעֵינֵי יְהוָה וַיֵּלֶךְ בְּכָל־דֶּרֶךְ דָּוִד אָבִיו וְלֹא־ 2
סָר יָמִין וּשְׂמֹאול׃ וַיְהִי בִּשְׁמֹנֶה עֶשְׂרֵה שָׁנָה 3
לַמֶּלֶךְ יֹאשִׁיָּהוּ שָׁלַח הַמֶּלֶךְ אֶת־שָׁפָן בֶּן־אֲצַלְיָהוּ בֶן־
מְשֻׁלָּם הַסֹּפֵר בֵּית יְהוָה לֵאמֹר׃ עֲלֵה אֶל־חִלְקִיָּהוּ 4
הַכֹּהֵן הַגָּדוֹל וְיַתֵּם אֶת־הַכֶּסֶף הַמּוּבָא בֵּית יְהוָה אֲשֶׁר
אָסְפוּ שֹׁמְרֵי הַסַּף מֵאֵת הָעָם׃ וְיִתְּנֻה עַל־יַד עֹשֵׂי ה
הַמְּלָאכָה הַמֻּפְקָדִים בְּבֵית יְהוָה וְיִתְּנוּ אֹתוֹ לְעֹשֵׂי
הַמְּלָאכָה אֲשֶׁר בְּבֵית יְהוָה לְחַזֵּק בֶּדֶק הַבָּיִת׃ לֶחָרָשִׁים 6
וְלַבֹּנִים וְלַגֹּדְרִים וְלִקְנוֹת עֵצִים וְאַבְנֵי מַחְצֵב לְחַזֵּק אֶת־
הַבָּיִת׃ אַךְ לֹא־יֵחָשֵׁב אִתָּם הַכֶּסֶף הַנִּתָּן עַל־יָדָם כִּי 7

אונד אַלֶעם וואס ער האט געטהון, אונד דיא זינד וואס ער האט געזינדיגט, זענען זייא ניט געשריבען אין דעם בוך פון דיא טעג־געשיכטע פון דיא קעניגע פון יְהוּדָה? 18 אונד מְנַשֶּׁה האט זיך געלייגט מיט זיינע עלטערן, אונד ער איז בעגראבען געווארען אין דעם גארטען פון זיין הויז, אין דעם גארטען עֻזָּא, אונד זיין זוהן אָמוֹן האט רעגירט אין זיינער שטעל: 19 צוויא אונד צוואנציג יאהר איז אָמוֹן אַלט געוועזען ווען ער איז געווארען קעניג, אונד צוויא יאהר האט ער רעגירט אין יְרוּשָׁלַיִם, אונד דער נאמען פון זיינע מוטער איז געוועזען מְשֻׁלֶּמֶת, דיא טאכטער פון חָרוּץ אוים יָטְבָה: 20 אונד ער האט געטהון שלעכטעס אין דיא אויגען פון דעם האר, אַזוֹי וויא זיין פאטער מְנַשֶּׁה האט געטהון: 21 אונד ער איז געגאנגען אין אַלע וועגען וואס זיין פאטער איז געגאנגען אונד ער האט געדינט דיא געצענבילדער וואס זיין פאטער האט געדינט, אונד ער האט זיך צו זייא געבוקט: 22 אונד ער האט פערלאזט דעם האר דעם גאט פון זיינע עלטערן, אונד ער איז ניט געגאנגען אין דעם וועג פון דעם האר: 23 אונד דיא קנעכט פון אָמוֹן האבען אויף איהם געמאכט א בונד, אונד זייא האבען געטייט דעם קעניג אין זיין הויז: 24 אונד דאס פאלק פון דעם לאנד האט געשלאגען אַלע דיא וואס האבען געמאכט דעם בונד אויף דעם קעניג אָמוֹן, אונד דאס פאלק פון דעם לאנד האט געמאכט קעניגען זיין זוהן יֹאשִׁיָּהוּ אין זיינער שטעל: 25 אונד דיא איבריגע זאכען פון אָמוֹן וואס ער האט געטהון, זענען זייא ניט געשריבען אין דעם בוך פון דיא טעג־געשיכטע פון דיא קעניגע פון יְהוּדָה? 26 אונד מען האט איהם בעגראבען אין זיין קֶבֶר אין דעם גארטען פון עֻזָּא, אונד זיין זוהן יֹאשִׁיָּהוּ האט רעגירט אין זיינער שטעל:

## קאפיטעל כב

1 אַכט יאהר איז יֹאשִׁיָּהוּ אַלט געוועזען ווען ער איז געווארען קעניג, אונד איין אונד דרייסיג יאהר האט ער רעגירט אין יְרוּשָׁלַיִם, אונד דער נאמען פון זיינע מוטער איז געוועזען יְדִידָה דיא טאכטער פון עֲדָיָה, אוים בָּצְקַת: 2 אונד ער האט געטהון רעכטפארטיגקייט אין דיא אויגען פון דעם האר, אונד ער איז געגאנגען אין אַלע וועגען פון זיין פאטער דָּוִד, אונד ער האט זיך ניט אפגעקעהרט רעכטס אָדער לינקס: 3 אונד עס איז געוועזען אין דעם אכטצעהנטען יאהר פון דעם קעניג יֹאשִׁיָּהוּ, האט דער קעניג געשיקט שָׁפָן, זוהן פון אֲצַלְיָהוּ, זוהן פון מְשֻׁלָּם דעם שרייבער אין דעם הויז פון דעם האר, אַזוֹי צו זאגען: 4 גייא ארויף צו חִלְקִיָּהוּ דעם כֹּהֵן גָּדוֹל, אונד ער זאל צוזאמענציילען דאס געלד וואס איז אריינגעבראכט געווארען אין דעם הויז פון דעם האר, וואס דיא טהיר היטער האבען פערזאמעלט פון דעם פאלק: 5 אונד זייא זאלען עס געבען אין דיא האנד פון דיא ארבייטער, וואס זענען אנגעשטעלט אין דעם הויז פון דעם האר, אונד זייא זאלען עס געבען צו דיא ארבייטער וואס זענען אין דעם הויז פון דעם האר, כְּדֵי צו בעפעסטיגען דיא שפאלטען פון דעם הויז: 6 צו דיא צימערלייט, צו דיא בויער, אונד צו דיא מויערער, אונד צו קויפען האלץ אונד געהאקטע שטיינער, צו בעפעסטיגען דאס הויז: 7 אָבער מען זאל זיך מיט זייא ניט רעכענען וועגען דעם געלד וואס ווערט געגעבען אין זיירע האנד, ווארין

8 בֶאֱמוּנָה הֵם עֹשִׂים: וַיֹּאמֶר חִלְקִיָּהוּ הַכֹּהֵן הַגָּדוֹל
עַל־שָׁפָן הַסֹּפֵר סֵפֶר הַתּוֹרָה מָצָאתִי בְּבֵית יְהוָה וַיִּתֵּן
9 חִלְקִיָּה אֶת־הַסֵּפֶר אֶל־שָׁפָן וַיִּקְרָאֵהוּ: וַיָּבֹא שָׁפָן הַסֹּפֵר
אֶל־הַמֶּלֶךְ וַיָּשֶׁב אֶת־הַמֶּלֶךְ דָּבָר וַיֹּאמֶר הִתִּיכוּ עֲבָדֶיךָ
אֶת־הַכֶּסֶף הַנִּמְצָא בַבַּיִת וַיִּתְּנֻהוּ עַל־יַד עֹשֵׂי הַמְּלָאכָה
י הַמֻּפְקָדִים בֵּית יְהוָה: וַיַּגֵּד שָׁפָן הַסֹּפֵר לַמֶּלֶךְ לֵאמֹר
סֵפֶר נָתַן לִי חִלְקִיָּה הַכֹּהֵן וַיִּקְרָאֵהוּ שָׁפָן לִפְנֵי הַמֶּלֶךְ:
11 וַיְהִי כִּשְׁמֹעַ הַמֶּלֶךְ אֶת־דִּבְרֵי סֵפֶר הַתּוֹרָה וַיִּקְרַע אֶת־
12 בְּגָדָיו: וַיְצַו הַמֶּלֶךְ אֶת־חִלְקִיָּה הַכֹּהֵן וְאֶת אֲחִיקָם בֶּן־
שָׁפָן וְאֶת־עַכְבּוֹר בֶּן־מִיכָיָה וְאֵת ׀ שָׁפָן הַסֹּפֵר וְאֵת
13 עֲשָׂיָה עֶבֶד־הַמֶּלֶךְ לֵאמֹר: לְכוּ דִרְשׁוּ אֶת־יְהוָה בַּעֲדִי
וּבְעַד־הָעָם וּבְעַד כָּל־יְהוּדָה עַל־דִּבְרֵי הַסֵּפֶר הַנִּמְצָא
הַזֶּה כִּי־גְדוֹלָה חֲמַת יְהוָה אֲשֶׁר־הִיא נִצְּתָה בָנוּ עַל
אֲשֶׁר לֹא־שָׁמְעוּ אֲבֹתֵינוּ עַל־דִּבְרֵי הַסֵּפֶר הַזֶּה לַעֲשׂוֹת
14 כְּכָל־הַכָּתוּב עָלֵינוּ: וַיֵּלֶךְ חִלְקִיָּהוּ הַכֹּהֵן וַאֲחִיקָם
וְעַכְבּוֹר וְשָׁפָן וַעֲשָׂיָה אֶל־חֻלְדָּה הַנְּבִיאָה אֵשֶׁת ׀ שַׁלֻּם
בֶּן־תִּקְוָה בֶּן־חַרְחַס שֹׁמֵר הַבְּגָדִים וְהִיא יֹשֶׁבֶת בִּירוּשָׁלַםִ
טו בַּמִּשְׁנֶה וַיְדַבְּרוּ אֵלֶיהָ: וַתֹּאמֶר אֲלֵיהֶם כֹּה־אָמַר יְהוָה
16 אֱלֹהֵי יִשְׂרָאֵל אִמְרוּ לָאִישׁ אֲשֶׁר־שָׁלַח אֶתְכֶם אֵלָי: כֹּה
אָמַר יְהוָה הִנְנִי מֵבִיא רָעָה אֶל־הַמָּקוֹם הַזֶּה וְעַל־
יֹשְׁבָיו אֵת כָּל־דִּבְרֵי הַסֵּפֶר אֲשֶׁר קָרָא מֶלֶךְ יְהוּדָה:
17 תַּחַת ׀ אֲשֶׁר עֲזָבוּנִי וַיְקַטְּרוּ לֵאלֹהִים אֲחֵרִים לְמַעַן
הַכְעִסֵנִי בְּכֹל מַעֲשֵׂה יְדֵיהֶם וְנִצְּתָה חֲמָתִי בַּמָּקוֹם הַזֶּה
18 וְלֹא תִכְבֶּה: וְאֶל־מֶלֶךְ יְהוּדָה הַשֹּׁלֵחַ אֶתְכֶם לִדְרֹשׁ אֶת־
יְהוָה כֹּה תֹאמְרוּ אֵלָיו כֹּה־אָמַר יְהוָה אֱלֹהֵי יִשְׂרָאֵל
19 הַדְּבָרִים אֲשֶׁר שָׁמָעְתָּ: יַעַן רַךְ־לְבָבְךָ וַתִּכָּנַע ׀ מִפְּנֵי יְהוָה
בְּשָׁמְעֲךָ אֲשֶׁר דִּבַּרְתִּי עַל־הַמָּקוֹם הַזֶּה וְעַל־יֹשְׁבָיו לִהְיוֹת

זייא טהוּען עס מיט טרייהייט: 8 אוּנד חִלְקִיָהוּ דער כֹּהֵן גָדוֹל האָט געזאָגט צוּ שָׁפָן דעם שרייבער, איך האָב געפוּנען א סֵפֶר תּוֹרָה אין דעם הויז פוּן דעם האר, אוּנד חִלְקִיָה האָט געגעבען דאָס סֵפֶר צוּ שָׁפָן, אוּנד ער האָט עס גע־לייענט: 9 אוּנד שָׁפָן דער שרייבער איז געקוּמען צוּ דעם קעניג, אוּנד האָט געבראַכט דעם קעניג איין אַנטוואָרט, אוּנד האָט געזאָגט, דיינע קנעכט האָבען צוּשמאָלצען דאָס זילבער וואָס איז גע־פוּנען געוואָרען אין דעם הויז, אוּנד זייא האָבען עס געגעבען אין דיא האַנד פוּן דיא אַרבייטער וואָס זענען געוועזען אָנגעשטעלט אין דעם הויז פוּן דעם האר: 10 אוּנד שָׁפָן דער שרייבער האָט אויך דערציילט צוּ דעם קעניג, אוּנד געזאָגט, חִלְקִיָהוּ הַכֹּהֵן האָט מיר געגעבען א סֵפֶר, אוּנד שָׁפָן האָט עס געלייענט פאַר דעם קעניג: 11 אוּנד עס איז געוועזען ווען דער קעניג האָט געהערט דיא ווערטער פוּן דעם סֵפֶר תּוֹרָה, האָט ער צוּריסען זיינע קליידער: 12 אוּנד דער קעניג האָט געבאָטען חִלְקִיָהוּ הַכֹּהֵן, אוּנד אַחִיקָם זוהן פוּן שָׁפָן, אוּנד אַכְבּוֹר זוהן פוּן מִיכָיָה אוּנד שָׁפָן דעם שריי־בער, אוּנד עֲשָׂיָה דעם קנעכט פוּן דעם קעניג, אַזוֹי צוּ זאָגען: 13 גייט פאָרשט פוּן דעם האר וועגען מיר, אוּנד וועגען דעם פאָלק אוּנד וועגען גאַנץ יְהוּדָה, איבער דיא ווערטער פוּן דעם דאָזיגען סֵפֶר וואָס איז געפוּנען געוואָרען, וואָרין דער צאָרן פוּן דעם האר איז גרויס וואָס ברענט איבער אוּנס, ווייל אוּנזערע עלטערן האָבען ניט געהאָרכט צוּ דיא ווערטער פוּן דעם דאָזיגען סֵפֶר צוּ טהוּן אַלעס וואָס איז דאַרין געשריבען: 14 אוּנד חִלְקִיָהוּ הַכֹּהֵן איז געגאַנגען, אוּנד אויך אַחִיקָם, אוּנד עַכְבּוֹר אוּנד עֲשָׂיָה, צוּ דיא נביאה חֻלְדָה דאָס ווייב פוּן שַׁלֻּם זוהן פוּן תִּקְוָה זוהן פוּן חַרְחַס דעם היטער פוּן דיא קליידער, אוּנד זיא האָט געוואוֹינט אין ירוּשָׁלַיִם אין דעם אַנדערן טהייל, אוּנד זייא האָבען צוּ איהר גערעדט: 15 אוּנד זיא האָט צוּ זייא גע־זאָגט, אַזוֹי האָט דער האר, דער גאָט פוּן יִשְׂרָאֵל געזאָגט, זאָגט צוּ דעם מאַן וואָס האָט אייך צוּ מיר געשיקט: 16 אַזוֹי האָט דער האר געזאָגט, זעה, איך ברענג שלעכטעס אויף דעם דאָזיגען אָרט, אוּנד אויף זיינע איינוואוֹינער, וויא אַלע ווערטער פוּן דעם סֵפֶר וואָס דער קעניג פוּן יְהוּדָה האָט געלייענט: 17 ווייל זייא האָבען מיך פערלאָזען, אוּנד זייא האָבען געריכערט צוּ פרעמדע געטער, כְּדֵי מיך צוּ דערצאָרנען מיט אַלע ווערק פוּן זייערע הענד, דאַרוּם וועט מיין צאָרן ברענען אין דעם דאָ־זיגען אָרט, אוּנד עס וועט ניט פאַרלאָשען ווערען: 18 אוּנד צוּ דעם קעניג פוּן יְהוּדָה וואָס האָט אייך געשיקט צוּ פאָרשען פוּן דעם האר, זאָלט איהר אַזוֹי זאָגען, אַזוֹי האָט דער האר דער גאָט פוּן יִשְׂרָאֵל געזאָגט וועגען דיא ווערטער וואָס דוּא האָסט געהערט: 19 ווייל דיין האַרץ איז ווייך געוואָרען, אוּנד דוּא ביזט אוּנטער־טעניג געוואָרען פאַר דעם האר, ווען דוּא האָסט געהערט וואָס איך האָב גערעדט איבער דעם דאָזיגען אָרט, אוּנד איבער זיינע איינוואוֹינער, דאָס זייא זאָלען זיין

וויסט

ואפרים את־מנשה יחדו המה על־יהודה בכל־זאת לא־
שב אפו ועוד ידו נטויה׃

י

2 א הוי החקקים חקקי־און ומכתבים עמל כתבו׃ להטות
מדין דלים ולגזל משפט עניי עמי להיות אלמנות
3 שללם ואת־יתומים יבזו׃ ומה־תעשו ליום פקדה ולשואה
ממרחק תבוא על־מי תנוסו לעזרה ואנה תעזבו כבודכם׃
4 בלתי כרע תחת אסיר ותחת הרוגים יפלו בכל־זאת
ה לא־שב אפו ועוד ידו נטויה׃ הוי אשור שבט
6 אפי ומטה־הוא בידם זעמי׃ בגוי חנף אשלחנו ועל־עם
עברתי אצונו לשלל שלל ולבז בז ולשומו מרמס כחמר
7 חוצות׃ והוא לא־כן ידמה ולבבו לא־כן יחשב כי
8 להשמיד בלבבו ולהכרית גוים לא מעט׃ כי יאמר
9 הלא שרי יחדו מלכים׃ הלא ככרכמיש כלנו אם־לא
י כארפד חמת אם־לא כדמשק שמרון׃ כאשר מצאה
ידי לממלכת האליל ופסיליהם מירושלם ומשמרון׃
11 הלא כאשר עשיתי לשמרון ולאליליה כן אעשה
12 לירושלם ולעצביה׃ והיה כי־יבצע אדני את־כל־
מעשהו בהר ציון ובירושלם אפקד על־פרי־גדל לבב
13 מלך־אשור ועל־תפארת רום עיניו׃ כי אמר בכח ידי
עשיתי ובחכמתי כי נבנותי ואסיר גבולת עמים ועתודתיהם
14 שושתי ואוריד כאביר יושבים׃ ותמצא כקן ׀ ידי לחיל
העמים וכאסף ביצים עזבות כל־הארץ אני אספתי ולא
טו היה נדד כנף ופצה פה ומצפצף׃ היתפאר הגרזן על
החצב בו אם־יתגדל המשור על־מניפו כהניף שבט
16 את־מרימיו כהרים מטה לא־עץ׃ לכן ישלח האדון
יהוה צבאות במשמניו רזון ותחת כבדו יקד יקד כיקוד

אונד אפרים מיט מנשה, זייא ביי־אנאנדער וועלען זיין קעגען יהודה, מיט אלעם וועט זיך זיין צארן ניט אפקעהרען, אונד זיינע האנד איז נאך אויסגעשטרעקט:

קאפיטעל י

1 אוי וועה! צו דיא וואס מאכען אונגע־רעכטע געזעץ, אונד וואס שרייבען אויף פאלשע שריפטען: 2 כדי זייא זאלען אפנייגען דאס רעכט פון דעם בעדארפטי־גען, אונד צו בעגאזלען דורך דעם משפט דיא ארעמע פון מיין פאלק, אז דיא אלמנות זאלען ווערען זייער זאקרויב אונד אז זייא זאלען דיא יתומים בערויבען: 3 אונד וואס וועט איהר אבער טהון אן דעם טאג וואס מען וועט געדענקען אונד פון פערוויסטונג וואס וועט קומען פון ווייטען? צו וועמען וועט איהר אנטלויפען אום הילפע? אונד וואו וועט איהר אייער כבוד פערלאזען? 4 אהן מיר וועלען זייא אנידערגעבייגט ווערען אונטער דיא געבונדענע, אונד אונ־טער דיא דערשלאגענע וועט איהר פאלען; מיט דעם אלעם וועט זיך זיין צארן דאך ניט אפקעהרען, אונד זיינע האנד איז נאך אויסגעשטרעקט: 5 אוי וועה! צו אשור, דיא רוט פון מיין צארן, אונד דער שטעקען וואס איז אין זיירע האנד איז מיין גרימצארן: 6 איך וועל איהם שיקען קעגען א פאלק וואס חנפענען אונד קעגען א פאלק פון מיין צארן וועל איך איהם געביטען, אז ער זאל איהם אין גאנצען בערויבען אונד צוטרעטען אזוי ווי א ליים אויף דער גאס: 7 אבער ער מיינט עס ניט אזוי אונד טראכט ניט אזוי אין זיין הארץ, נייערט ער טראכט מיט זיין הארץ צו פער־טילגען אונד ניט ווייניג פעלקער צו פערניכטען: 8 וואריין ער זאגט — זענען ניט אלע מיינע פירשטען בייאנאנדער מלכים? 9 איז ניט כלנו אזוי ווי כרכמיש? אונד איז ניט חמת אזוי ווי ארפד? אונד איז ניט שמרון אזוי ווי דמשק? 10 אזוי ווי מיינע האנד האט אויסגעפונען דיא קעניגרייכען וואס דינגען דיא אפגעטער, אונד וואס זיירע געצענ־בילדער זענען געווען מעהר ווייא פון ירושלים אונד שמרון: 11 זאל איך ניט טהון צו שמרון אונד צו זיירע אפגעטער אזוי ווי איך האב געטהון צו ירושלים אונד צו זיירע געצענבילדער? 12 אונד עס וועט זיין, אז ווען גאט וועט פערלענדען אלע זיינע מעשים אויף דעם בארג ציון אונד אין ירושלים, אזוי וועל איך געדענקען (אדער בעשטראפען) וועגען דיא פרוכט פון דעם הויכמיטיגען הארץ פון דעם מלך אשור, אונד וועגען דיא הערליכקייט פון דער דערהייבונג פון זיינע אויגען: 13 וואריין ער האט געזאגט דורך דעם כח פון מיינע הענד האב איך דאס געטהון, אונד מיט מיינע חכמה, וואריין איך בין פערשטענדיג — אונד איך האב אפגעטהון דיא גרענעצען פון דיא פעלקער, אונד איך האב מיר געראבט זייער בעשטאנד, אונד איך האב ארונטערגעבראכט זיירע איינוואוינער ווייא א מעכטיגער: 14 אונד אזוי ווייא פייגעלנעסט ווערט געפונען, אזוי האט מיינע האנד געפונען דיא רייכטהימער פון דיא פעלקער, אונד אזוי ווייא מען זאמעלט איין פערלאזענע אייער אזוי האב איך איינגעזאמעלט דאס גאנצע לאנד, אונד עס האט קיינער געשאקעלט מיט א פליגעל, אדער אויפגעמאכט דאס מויל, אדער געפייפט: 15 זאל זיך דען דיא האק בעריהמען קעגען דעם וואס האקט דערמיט? אדער זאל זיך דיא זעג גרויס מאכען קעגען דעם וואס הייבט זיא אויף? גלייך אזוי ווייא דיא רוט זאלט שאקעלן דעם אויפהייבער, אונד א שטעקען זאלט זיך אויפהייבען ווייא ער ווער קיין האלץ: 16 דאריבער וועט דער הער גאט פון צבאות ארויסשיקען איבער זיינע פעטע א מאגערקייט, אונד אונטער זיין כבוד וועט ער אנצינדען א בראנד, אזוי ווייא א

פייערבראנד

17 אש: והיה אור־ישראל לאש וקדושו ללהבה ובערה
18 ואכלה שיתו ושמירו ביום אחד: וכבוד יערו וכרמלו
19 מנפש ועד־בשר יכלה והיה כמסס נסס: ושאר עץ
כ יערו מספר יהיו ונער יכתבם: והיה | ביום ההוא
לא־יוסיף עוד שאר ישראל ופליטת בית־יעקב להשען
21 על־מכהו ונשען על־יהוה קדוש ישראל באמת: שאר
22 ישוב שאר יעקב אל־אל גבור: כי אם־יהיה עמך
ישראל כחול הים שאר ישוב בו כליון חרוץ שוטף
23 צדקה: כי כלה ונחרצה אדני יהוה צבאות עשה
24 בקרב כל־הארץ: לכן כה־אמר אדני יהוה
צבאות אל־תירא עמי ישב ציון מאשור בשבט יככה
כה ומטהו ישא עליך בדרך מצרים: כי־עוד מעט
26 מזער וכלה זעם ואפי על־תבליתם: ועורר עליו יהוה
צבאות שוט כמכת מדין בצור עורב ומטהו על־הים
27 ונשאו בדרך מצרים: והיה | ביום ההוא יסור סבלו
מעל שכמך ועלו מעל צוארך וחבל על מפני־שמן:
28 בא על־עית עבר במגרון למכמש יפקיד כליו: עברו
29 מעברה גבע מלון לנו חרדה הרמה גבעת שאול נסה:
ל צהלי קולך בת־גלים הקשיבי לישה עניה ענתות: נדדה
31 מדמנה ישבי הגבים העיזו: עוד היום בנב לעמד
32 ינפף ידו הר בית־ציון גבעת ירושלם: הנה האדון
33 יהוה צבאות מסעף פארה במערצה ורמי הקומה גדעים
34 והגבהים ישפלו: ונקף סבכי היער בברזל והלבנון
באדיר יפול:

יא

יא

א ויצא חטר מגזע ישי ונצר משרשיו יפרה: ונחה עליו
2 רוח יהוה רוח חכמה ובינה רוח עצה וגבורה רוח דעת

פייערבראנד: 17 אונד דאס ליכט פון ישראל וועט זיין פאר א פייער, אונד זיין הייליגער וועט זיין א פלאם אונד וועט ברענען אונד פערברענען זיינע דערנער אונד דיסטעלן אין איין טאג: 18 אונד דעם כבוד פון זיין וואלד, אונד זיין פרוכטבארעם פעלד, פון דעם נפש ביז צו דעם לייב וועלען זייא פערברענט ווערען, אונד זייא וועלען פערשמאכטען אזוי וויא א פאהן טרעגער פערשמאכט: 19 אונד דיא איבריגע ביימער פון זיין וואלד וועלען זיין אזוי וועניג אין דער צאהל אז א יונג וועט זייא קענען אויפשרייבען: 20 אונד עס וועט זיין אין דעמזעלבינען טאג אזוי וועט זיך שוין ניט מעהר דיא איבערבלייבונג פון ישראל אונד דיא אנטרינונג פון דעם הויזגעזינד פון יעקב אונטערלעהנען אויף דעם וואס האט איהם געשלאגען, נייערט ער וועט זיך אונטערלעהנען אויף דעם האר, דעם הייליגען אין ישראל מיט אמת: 21 דיא איבערבלייבונג וועט זיך אומקעהרען — דיא איבערבלייבונג פון יעקב צו דעם שטארקען גאט: 22 חאטשע דיין פאלק ישראל וועט זיין אזוי פיעל וויא דער זאמד פון דעם ים, דאך וועט אן איבערבלייבונג פון איהם צוריקקעהרען, דיא פערטילגונג וואס איז בעשטימט וועט איבערפליסען מיט גערעכטיגקייט: 23 וואדין דיא בעשטימטע פערטילגונג וועט דער האר יהוה צבאות מאכען אין דער מיטען פון דעם גאנצען לאנד: 24 דארום, אזוי זאגט דער האר יהוה צבאות, א מיין פאלק וואס וואוינסט אין ציון, דוא זאלסט ניט קיין מורא האבען פאר אשור. ער וועט דיך שלאגען מיט דיא רוט, אונד ער וועט קענען דיר אויפהעבען זיין שטעקען נאך דעם שטייגער פון מצרים: 25 וואדין נאך אין א קליינע צייט וועט זיך דער צארן פערלאזען אונד מיין גרימצארן וועט זיך אויפהעבען איבער זייערע פערטילגונג: 26 אונד דער האר צבאות וועט איבער איהם דערוועקען א רוט, אזוי וויא דער שלאק פון דיא מדינים בייא דעם פעלזען עורב, אונד אזוי וויא זיין שטעקען בייא דעם ים, אונד ער וועט איהם דערהעבען אזוי וויא אין דעם וועג פון מצרים: 27 אונד עס וועט זיין אין דעמזעלבינען טאג אזוי וועט זיינע לאסט אפגעטהון ווערען פון דיינע אקסעל, אונד זיין יאך פון דיין האלז, אונד דאס יאך וועט פערדארבען ווערען וועגען דעם (זאלב־) אייל: 28 ער איז געקומען קעגען עית, ער איז אריבערגעגאנגען קיין מגרון, אין מכמש האט ער אפגעלעגט זיינע כלים: 29 זייא זענען אריבערגעגאנגען דיא איבערפארט, אין גבע האבען זייא איבערנעכטיגט, רמה האט געציטערט, גבעת שאול איז אנטלאפען: 30 שרייט מיט א הויך קול, דוא טאכטער פון גלים! פארנעם עס לישה, אוי דוא עלענדע ענתות: 31 מדמנה איז פערוואגעלט געווארען, דיא איינוואוינער פון גבים האבען זיך פערזאמעלט: 32 נאך היינט וועט מען אין נוב שטעהן בלייבען, דערנאך וועט ער זיינע האנד אויפהעבען קעגען דעם בארג פון דער טאכטער פון ציון אונד קעגען דיא הייך פון ירושלים: 33 זעה, דער האר יהוה צבאות וועט אפהאקען דיא שענע צווייגען, אונד דיא וואס זענען זעהר הויך געוואקסען וועלען אפגעשניטען ווערען, אונד דיא גאנץ הויכע וועלען דערנידריגט ווערען: 34 אונד ער וועט אפשניידען דיא געדיכטיגקייט פון דעם וואלד מיט דעם אייזען, אונד לבנון וועט פאלען דורך דעם שטארקען:

## קאפיטעל יא

1 אונד עס וועט ארויסוואקסען א רוט פון דעם בוים פון ישי, אונד א צווייג פון זיינע ווארצעלן וועט פרוכט ברענגען: 2 אונד אויף איהם וועט רוהען דער רוח (הקודש) פון גאט, דער גייסט פון חכמה אונד פערשטאנד, דער גייסט פון עצה אונד שטארקייט, דער גייסט פון וויסענשאפט

אונד

3 וְיִרְאַת יְהוָה: וַהֲרִיחוֹ בְּיִרְאַת יְהוָה וְלֹא־לְמַרְאֵה עֵינָיו
4 יִשְׁפּוֹט וְלֹא־לְמִשְׁמַע אָזְנָיו יוֹכִיחַ: וְשָׁפַט בְּצֶדֶק דַּלִּים
וְהוֹכִיחַ בְּמִישׁוֹר לְעַנְוֵי־אָרֶץ וְהִכָּה־אֶרֶץ בְּשֵׁבֶט פִּיו וּבְרוּחַ
ה שְׂפָתָיו יָמִית רָשָׁע: וְהָיָה צֶדֶק אֵזוֹר מָתְנָיו וְהָאֱמוּנָה
6 אֵזוֹר חֲלָצָיו: וְגָר זְאֵב עִם־כֶּבֶשׂ וְנָמֵר עִם־גְּדִי יִרְבָּץ וְעֵגֶל
7 וּכְפִיר וּמְרִיא יַחְדָּו וְנַעַר קָטֹן נֹהֵג בָּם: וּפָרָה וָדֹב תִּרְעֶינָה
8 יַחְדָּו יִרְבְּצוּ יַלְדֵיהֶן וְאַרְיֵה כַּבָּקָר יֹאכַל־תֶּבֶן: וְשִׁעֲשַׁע
יוֹנֵק עַל־חֻר פָּתֶן וְעַל מְאוּרַת צִפְעוֹנִי גָּמוּל יָדוֹ הָדָה: לֹא־
9 יָרֵעוּ וְלֹא־יַשְׁחִיתוּ בְּכָל־הַר קָדְשִׁי כִּי־מָלְאָה הָאָרֶץ דֵּעָה
י אֶת־יְהוָה כַּמַּיִם לַיָּם מְכַסִּים: וְהָיָה בַּיּוֹם הַהוּא
שֹׁרֶשׁ יִשַׁי אֲשֶׁר עֹמֵד לְנֵס עַמִּים אֵלָיו גּוֹיִם יִדְרֹשׁוּ וְהָיְתָה
11 מְנֻחָתוֹ כָּבוֹד: וְהָיָה ׀ בַּיּוֹם הַהוּא יוֹסִיף אֲדֹנָי ׀
שֵׁנִית יָדוֹ לִקְנוֹת אֶת־שְׁאָר עַמּוֹ אֲשֶׁר יִשָּׁאֵר מֵאַשּׁוּר
וּמִמִּצְרַיִם וּמִפַּתְרוֹס וּמִכּוּשׁ וּמֵעֵילָם וּמִשִּׁנְעָר וּמֵחֲמָת
12 וּמֵאִיֵּי הַיָּם: וְנָשָׂא נֵס לַגּוֹיִם וְאָסַף נִדְחֵי יִשְׂרָאֵל וּנְפֻצוֹת
13 יְהוּדָה יְקַבֵּץ מֵאַרְבַּע כַּנְפוֹת הָאָרֶץ: וְסָרָה קִנְאַת אֶפְרַיִם
וְצֹרְרֵי יְהוּדָה יִכָּרֵתוּ אֶפְרַיִם לֹא־יְקַנֵּא אֶת־יְהוּדָה וִיהוּדָה
14 לֹא־יָצֹר אֶת־אֶפְרָיִם: וְעָפוּ בְכָתֵף פְּלִשְׁתִּים יָמָּה יַחְדָּו
יָבֹזּוּ אֶת־בְּנֵי־קֶדֶם אֱדוֹם וּמוֹאָב מִשְׁלוֹחַ יָדָם וּבְנֵי עַמּוֹן
טו מִשְׁמַעְתָּם: וְהֶחֱרִים יְהוָה אֵת לְשׁוֹן יָם־מִצְרַיִם וְהֵנִיף
יָדוֹ עַל־הַנָּהָר בַּעְיָם רוּחוֹ וְהִכָּהוּ לְשִׁבְעָה נְחָלִים וְהִדְרִיךְ
16 בַּנְּעָלִים: וְהָיְתָה מְסִלָּה לִשְׁאָר עַמּוֹ אֲשֶׁר יִשָּׁאֵר מֵאַשּׁוּר
כַּאֲשֶׁר הָיְתָה לְיִשְׂרָאֵל בְּיוֹם עֲלֹתוֹ מֵאֶרֶץ מִצְרָיִם:

## יב

א וְאָמַרְתָּ בַּיּוֹם הַהוּא אוֹדְךָ יְהוָה כִּי אָנַפְתָּ בִּי יָשֹׁב אַפְּךָ
2 וּתְנַחֲמֵנִי: הִנֵּה אֵל יְשׁוּעָתִי אֶבְטַח וְלֹא אֶפְחָד כִּי־עָזִּי
3 וְזִמְרָת יָהּ יְהוָה וַיְהִי־לִי לִישׁוּעָה: וּשְׁאַבְתֶּם־מַיִם
4 בְּשָׂשׂוֹן מִמַּעַיְנֵי הַיְשׁוּעָה: וַאֲמַרְתֶּם בַּיּוֹם הַהוּא הוֹדוּ

אוּנד דִיא פוּרכְט פוּן גָאט: 3 אוּנד זַיין אָטהֶעם (שְׁמֶעקֶען) װעט זַיין אִין דֶער פוּרכְט פוּן גָאט, אוּנד עֶר װעט נִיט מִשְׁפָּטֶען נָאךְ דֶעם אָנזֶעהֶען פוּן זַיינֶע אוֹיגֶען, אוּנד עֶר װעט נִיט בֶּעשְׁטְרָאפֶען נָאךְ דֶעם הֶערֶען מִיט זַיינֶע אוֹירֶען: 4 נֵייעֶרט עֶר װעט דִיא אָרֶעמֶע לַייט מִשְׁפָּטֶען מִיט גֶערֶעכְטִיגְקֵייט, אוּנד עֶר װעט שְׁטְרָאפֶען מִיט רֶעכְט דִיא עֶלֶענְדֶע פוּן דֶעם לַאנְד, אוּנד עֶר װעט שְׁלָאגֶען דִיא עֶרְד מִיט דִיא רוּט פוּן זַיין מוֹיל, אוּנד מִיט דֶעם הוֹיךְ פוּן זַיינֶע לִיפֶּען װעט עֶר טֵייטֶען דֶעם רָשָׁע: 5 אוּנד גֶערֶעכְטִיגְקֵייט װעט זַיין דֶער גַארְטֶעל פוּן זַיינֶע לֶענְדֶען, אוּנד טְרֵיישָׁאפְט דֶער גַארְטֶעל פוּן זַיינֶע דִיכֶען: 6 אוּנד אַ װָאלְף װעט װאוֹינֶען מִיט אַ לֶעמֶעלֶע, אוּנד אַ לֶעמְפֶּערְט װעט זִיךְ לֶעגֶען מִיט אַ צִיגֶעלֶע, אוּנד אַ קַאלְב אוּנד אַ יוּנְגֶער לֵייב, אוּנד אַ פֶּעטֶער אָקְס צוּזַאמֶען, אוּנד אַ קְלֵיין יוּנְגֶעלֶע װעט זֵייא פִיהְרֶען: 7 אוּנד אַ קוּה אוּנד אַ בֶּער װעלֶען זִיךְ צוּזַאמֶען װֵיידֶען, זֵיירֶע יוּנְגֶען װעלֶען זִיךְ צוּזַאמֶען אַנִידֶערְלֶעגֶען, אוּנד דֶער לֵייב װעט עֶסֶען שְׁטְרוֹיא אַזוֹי װִיא דֶער אָקְס: 8 אוּנד אַ זֵייגֶעדִיג קִינְד װעט זִיךְ שְׁפִּילֶען בַּייא דֶעם לָאךְ פוּן דֶער שְׁלַאנְג, אוּנד אַיין אָפְּגֶעװֵיינְטֶעם קִינְד װעט זַיינֶע הַאנְד אוֹיסְשְׁטְרֶעקֶען צוּ דֶעם לָאךְ פוּן דֶער גֶעפֶערְבְּטֶע (גֶעפֶעהְרְלִיכֶע) שְׁלַאנְג: 9 זֵייא װעלֶען קֵיין שְׁלֶעכְטֶעס טְהוּן אוּנד נִיט פֶערְדַארְבֶּען אוֹיף מֵיין גַאנְצֶען הֵיילִיגֶען בַּארְג, װָארִין דִיא עֶרְד װעט זַיין פוּל מִיט װִיסֶענְשַׁאפְט אַזוֹי װִיא דָאס װַאסֶער בֶּעדֶעקְט דָאס יַם: 10 אוּנד אִין יֶענֶעם טָאג װעט זַיין דִיא װָארְצֶעל פוּן יִשַׁי, װָאס װעט שְׁטֶעהֶען אַלְס אַ פָאהְן פַאר דִיא פֶעלְקֶער; צוּ דֶעם װעלֶען דִיא פֶעלְקֶער פָארְשֶׁען, אוּנד זַיינֶע רוּהֶע װעט זַיין כָּבוֹד: 11 אוּנד עֶס װעט זַיין אִין דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען טָאג, דָאס דֶער הַאר װעט נָאכְאַמָאל אוֹיסְשְׁטְרֶעקֶען זַיינֶע הַאנְד, זִיךְ צוּ עֶרְקוֹיפֶען דִיא אִיבֶּערְבְּלֵייבוּנְג פוּן זַיין פָאלְק, װָאס װעט בְּלֵייבֶּען פוּן אַשּׁוּר, אוּנד פוּן מִצְרַיִם, אוּנד פוּן פַּתְרוֹס, אוּנד פוּן כּוּשׁ, אוּנד פוּן עֵילָם, אוּנד פוּן שִׁנְעָר, אוּנד פוּן חֲמָת, אוּנד פוּן דִיא אִינְזֶעלֶען פוּן יַם: 12 אוּנד עֶר װעט אוֹיפְהֵייבֶּען אַ פָאהְן פַאר דִיא פֶעלְקֶער, אוּנד עֶר װעט אֵיינְזַאמְלֶען דִיא פֶערְשְׁטוֹיסֶענֶע פוּן יִשְׂרָאֵל, אוּנד דִיא צוּשְׁפְּרֵייטֶע פוּן יְהוּדָה װעט עֶר צוּזַאמֶען נֶעמֶען פוּן דִיא פִיעֶר עֶקֶען פוּן דֶער עֶרְד: 13 אוּנד דִיא קִנְאָה פוּן אֶפְרַיִם װעט אָפְּגֶעטְהוּן װֶערֶען, אוּנד דִיא שׂוֹנְאִים פוּן יְהוּדָה װעלֶען פֶערְשְׁנִיטֶען װֶערֶען, אֶפְרַיִם װעט נִיט מְקַנֵּא זַיין יְהוּדָה, אוּנד יְהוּדָה װעט נִיט צָרוֹת אָנְטְהוּן צוּ אֶפְרַיִם: 14 נֵייעֶרְט זֵייא װעלֶען פְלִיהֶען אוֹיף דִיא אַקְסֶעל פוּן דִיא פְּלִשְׁתִּים קֶעגֶען מַעֲרָב־זֵייט, זֵייא װעלֶען צוּזַאמֶען בֶּערוֹיבֶּען דִיא מֶענְשֶׁען פוּן מִזְרָח־זֵייט, זֵייא װעלֶען זֵיירֶע הַאנְד לֶעגֶען אוֹיף אֱדוֹם אוּנד מוֹאָב, אוּנד דִיא בְּנֵי עַמּוֹן װעלֶען זֵייא גֶעהָארְכֶען: 15 אוּנד דֶער הַאר װעט מַחְרִים זַיין דִיא צוּנְג (דֶעם אוֹיסְגוּס) פוּן דֶעם יַם פוּן בֵּייא מִצְרַיִם, אוּנד עֶר װעט זַיינֶע הַאנְד אוֹיפְהֶעבֶּען אִיבֶּער דֶעם טֵייךְ מִיט אַ מֶעכְטִיגֶען װִינְד, אוּנד עֶר װעט אִיהם שְׁלָאגֶען אִין זִיבֶּען טֵייכֶען, אוּנד מַאכֶען אַז מֶענְשֶׁען װעלֶען אַרִיבֶּערְגֵיין מִיט טְרִיקֶענֶע שִׁיךְ: 16 אוּנד עֶס װעט זַיין אַ הוֹיכֶער װֶעג פַאר דֶעם אִיבֶּערְרֶעסְט פוּן דֶעם פָאלְק, װָאס אִיז אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּען פוּן אַשּׁוּר, אַזוֹי װִיא עֶס אִיז גֶעװֶעזֶען צוּ יִשְׂרָאֵל אִין דֶעם טָאג װָען עֶר אִיז אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען פוּן דֶעם לַאנְד מִצְרַיִם:

## קאפּיטעל יב

1 אוּנד אִין יֶענֶעם טָאג װעסְט דוּא זָאגֶען, אִיךְ װעל דִיךְ לוֹיבֶּען אָ גָאט! הָאטְשֶׁע דוּא הָאסְט גֶעצָארְנְט אוֹיף מִיר, דָאךְ הָאט זִיךְ דַיין צָארְן פוּן מִיר אָפְּגֶעטְהוּן, אוּנד דוּא הָאסְט מִיךְ גֶעטְרֵייסְט: 2 זֶעה, גָאט אִיז מֵיינֶע הִילְף (יְשׁוּעָה), אִיךְ בִּין זִיכֶער אוּנד אִיךְ פָארְכְט מִיךְ נִיט, װָארִין דֶער הַאר גָאט אִיז מֵיינֶע שְׁטַארְקְהֵייט אוּנד מֵיין גֶעזַאנְג, אוּנד עֶר אִיז

לַיהוָה קִרְאוּ בִשְׁמוֹ הוֹדִיעוּ בָעַמִּים עֲלִילֹתָיו הַזְכִּירוּ כִּי
נִשְׂגָּב שְׁמוֹ׃ זַמְּרוּ יְהוָה כִּי גֵאוּת עָשָׂה מוּדַעַת זֹאת ה
בְּכָל־הָאָרֶץ׃ צַהֲלִי וָרֹנִּי יוֹשֶׁבֶת צִיּוֹן כִּי־גָדוֹל בְּקִרְבֵּךְ 6
קְדוֹשׁ יִשְׂרָאֵל׃

יג

מַשָּׂא בָּבֶל אֲשֶׁר חָזָה יְשַׁעְיָהוּ בֶּן־אָמוֹץ׃ עַל הַר־נִשְׁפֶּה א 2
שְׂאוּ־נֵס הָרִימוּ קוֹל לָהֶם הָנִיפוּ יָד וְיָבֹאוּ פִּתְחֵי נְדִיבִים׃
אֲנִי צִוֵּיתִי לִמְקֻדָּשָׁי גַּם קָרָאתִי גִבּוֹרַי לְאַפִּי עַלִּיזֵי גַּאֲוָתִי׃ 3
קוֹל הָמוֹן בֶּהָרִים דְּמוּת עַם־רָב קוֹל שְׁאוֹן מַמְלְכוֹת 4
גּוֹיִם נֶאֱסָפִים יְהוָה צְבָאוֹת מְפַקֵּד צְבָא מִלְחָמָה׃
בָּאִים מֵאֶרֶץ מֶרְחָק מִקְצֵה הַשָּׁמָיִם יְהוָה וּכְלֵי זַעְמוֹ ה
לְחַבֵּל כָּל־הָאָרֶץ׃ הֵילִילוּ כִּי קָרוֹב יוֹם יְהוָה כְּשֹׁד 6
מִשַּׁדַּי יָבוֹא׃ עַל־כֵּן כָּל־יָדַיִם תִּרְפֶּינָה וְכָל־לְבַב אֱנוֹשׁ 7
יִמָּס׃ וְנִבְהָלוּ צִירִים וַחֲבָלִים יֹאחֵזוּן כַּיּוֹלֵדָה יְחִילוּן אִישׁ 8
אֶל־רֵעֵהוּ יִתְמָהוּ פְּנֵי לְהָבִים פְּנֵיהֶם׃ הִנֵּה יוֹם־יְהוָה בָּא 9
אַכְזָרִי וְעֶבְרָה וַחֲרוֹן אָף לָשׂוּם הָאָרֶץ לְשַׁמָּה וְחַטָּאֶיהָ
יַשְׁמִיד מִמֶּנָּה׃ כִּי־כוֹכְבֵי הַשָּׁמַיִם וּכְסִילֵיהֶם לֹא יָהֵלּוּ י
אוֹרָם חָשַׁךְ הַשֶּׁמֶשׁ בְּצֵאתוֹ וְיָרֵחַ לֹא־יַגִּיהַּ אוֹרוֹ׃ וּפָקַדְתִּי 11
עַל־תֵּבֵל רָעָה וְעַל־רְשָׁעִים עֲוֹנָם וְהִשְׁבַּתִּי גְּאוֹן זֵדִים
וְגַאֲוַת עָרִיצִים אַשְׁפִּיל׃ אוֹקִיר אֱנוֹשׁ מִפָּז וְאָדָם מִכֶּתֶם 12
אוֹפִיר׃ עַל־כֵּן שָׁמַיִם אַרְגִּיז וְתִרְעַשׁ הָאָרֶץ מִמְּקוֹמָהּ 13
בְּעֶבְרַת יְהוָה צְבָאוֹת וּבְיוֹם חֲרוֹן אַפּוֹ׃ וְהָיָה כִּצְבִי 14
מֻדָּח וּכְצֹאן וְאֵין מְקַבֵּץ אִישׁ אֶל־עַמּוֹ יִפְנוּ וְאִישׁ
אֶל־אַרְצוֹ יָנוּסוּ׃ כָּל־הַנִּמְצָא יִדָּקֵר וְכָל־הַנִּסְפֶּה יִפּוֹל טו
בֶּחָרֶב׃ וְעֹלְלֵיהֶם יְרֻטְּשׁוּ לְעֵינֵיהֶם יִשַּׁסּוּ בָּתֵּיהֶם וּנְשֵׁיהֶם 16
תִּשָּׁגַלְנָה׃ הִנְנִי מֵעִיר עֲלֵיהֶם אֶת־מָדָי אֲשֶׁר־כֶּסֶף לֹא 17
יַחְשֹׁבוּ וְזָהָב לֹא יַחְפְּצוּ־בוֹ׃ וּקְשָׁתוֹת נְעָרִים תְּרַטַּשְׁנָה 18

איז אויך געוואָרען מיינע הילף (יְשׁוּעָה): 3 דאַריבער וועט איהר מיט פריידע שעפּען פון דיא קוועלען פון הילף: 4 אונד אין יענעם טאָג וועט איהר זאָגען, לויבט דעם האר, רופט אויס זיין נאָמען, מאַכט בעקאַנט צווישען דיא פעלקער זיינע ווערק, דערמאָנט אַז זיין נאָמען איז דערהויבען: 5 זינגט צו דעם האר; וואָרין ער האָט גרויסעס געטהון, דאָס איז בעקאַנט אין דער גאַנצער וועלט: 6 שרייא אויס אונד זינג דוא בעוואוינערין פון ציון וואָרין דער הייליגער פון יִשְׂרָאֵל איז גרוֹס אין דיינער מיטען:

קאפּיטעל יג

1 דיא נְבוּאָה איבער בָּבֶל וואָס יְשַׁעְיָהוּ זוהן פון אָמוֹץ האָט געזעהען: 2 אויף אַ הויכען באַרג העבט אויף אַ פאָהן, העבט אויף צו זייא אַ קול, שאָקעל (ווינק) מיט דיא האַנד, אַז זייא זאָלען אַריינקומען דורך דיא טוירען פון דיא גרויסע לייט: 3 איך האָב מיינע הייליגע געבאָטען, איך האָב אויך מיינע גִבּוֹרִים גערופען צו מיין צאָרן, אפילו דיא וואָס פרייען זיך וועגען מיינע הויכהייט: 4 עס איז אַ געטימעל אויף דיא בערג, גלייך אַזוי וויא פון אַ גרויס פאָלק, אַ רַעַשׁ פון קעניגרייכע פון פערזאַמעלטע פעלקער; דער האר צְבָאוֹת מוסטערט דאָס חַיִל וויא צו דער מִלְחָמָה: 5 זייא קומען פון אַ וויטען לאַנד, פון דעם עק הימעל, יאָ, דער האר אַליין, מיט דיא ווערקצייג פון זיין צאָרן, דאָס גאַנצע לאַנד צו פערדאַרבען: 6 קלאָגט, וואָרין דער טאָג פון דעם האר איז נאָהענט, ער קומט וויא אַ צושטערונג פון דעם אַלמעכטיגען: 7 דארום וועלען אַלע הענד שוואַך ווערען, אונד איטליכעס האַרץ וועט שמעלצען (צוגיין): 8 זייא וועלען דערשראָקען ווערען, קרעמפּען אונד וועהען וועט זייא אָנכאַפּען, זייא וועלען זיין אין וועהען (קרייסען) וויא אַ געווינערין וואָס געהט צו געבורט; זייא וועלען זיך איינער איבער דעם אַנדערן וואונדערן, זייער פָּנִים וועט זיין אַזוי וויא פלאַמען: 9 זעה, דער טאָג פון דעם האר קומט, אונדערבאַרמיג, מיט אַ גרים אונד ברענענדיגען צאָרן, כְּדֵי דאָס לאַנד צו פערוויסטען, אונד ער וועט פערטילגען דיא זינדער דאַפון: 10 וואָרין דיא שטערן אונד דיא מַזָּלוֹת פון דעם הימעל וועלען ניט לאָזען לייכטען זייער ליכט; דיא זון וועט פינסטער ווערען בייא זיין אויפגעהן, אונד דיא לְבָנָה וועט ניט לאָזען איהר ליכט לייכטען: 11 אונד איך וועל דיא וועלט שטראָפען וועגען דאָס שלעכטע, אונד דיא רְשָׁעִים וועגען זייערע זינד, אונד איך וועל מאַכען אויפהערען דעם שטאָלץ פון דיא הויכמיטיגע, אונד דעם שטאָלץ פון דיא געוואַלטיגע וועל איך דערנידריגען: 12 אונד איך וועל דעם מאַן טיירער מאַכען וויא פיינגאָלד, אונד דעם מענש מעהר וויא דאָס גאָלד פון אוֹפִיר: 13 דארום וועל איך דעם הימעל ציטערן מאַכען, אונד דיא ערד וועט זיך אָפּרוקען פון איהר אָרט, וועגען דעם גרימצאָרן פון דעם האר צְבָאוֹת אין דעם טאָג פון זיין הייסען צאָרן: 14 אונד מען וועט זיין וויא אַ פערייאָגטער הירש, אונד וויא שאָף וואָס ווערען ניט איינגעזאַמעלט, איטליכער וועט זיך קעהרען צו זיין אייגען פאָלק, אונד איטליכער וועט אַנטלויפען צו זיין אייגען לאַנד: 15 איטליכער וואָס וועט געפונען ווערען וועט דורכגעשטאָכען ווערען, אונד איטליכער וואָס וועט געכאַפּט ווערען וועט פאַלען דורך דעם שווערד: 16 אונד זייערע יונגע קינדערלעך וועלען צופּיצעלט ווערען פאַר זייערע אויגען, זייערע הייזער וועלען בערויבט ווערען, אונד זייערע ווייבער בעשלאָפען ווערען: 17 זעה, איך וועל קעגען זייא דערוועקען דעם מָדַי, וואָס וועלען ניט אַכטען זילבער, אונד אַן גאָלד האָבען זייא (אויך) קיין בעגעהר: 18 זייערע בויגען צופּיצלען דיא יונגע לייט,

אונד

19 וּפְרִי־בֶטֶן לֹא יְרַחֵמוּ עַל־בָּנִים לֹא־תָחוּס עֵינָם׃ וְהָיְתָה
בָבֶל צְבִי מַמְלָכוֹת תִּפְאֶרֶת גְּאוֹן כַּשְׂדִּים כְּמַהְפֵּכַת
כ אֱלֹהִים אֶת־סְדֹם וְאֶת־עֲמֹרָה׃ לֹא־תֵשֵׁב לָנֶצַח וְלֹא תִשְׁכֹּן
עַד־דּוֹר וָדוֹר וְלֹא־יַהֵל שָׁם עֲרָבִי וְרֹעִים לֹא־יַרְבִּצוּ שָׁם׃
21 וְרָבְצוּ־שָׁם צִיִּים וּמָלְאוּ בָתֵּיהֶם אֹחִים וְשָׁכְנוּ שָׁם בְּנוֹת
22 יַעֲנָה וּשְׂעִירִים יְרַקְּדוּ־שָׁם׃ וְעָנָה אִיִּים בְּאַלְמְנוֹתָיו וְתַנִּים
בְּהֵיכְלֵי עֹנֶג וְקָרוֹב לָבוֹא עִתָּהּ וְיָמֶיהָ לֹא יִמָּשֵׁכוּ׃

יד

יד

א כִּי יְרַחֵם יְהוָה אֶת־יַעֲקֹב וּבָחַר עוֹד בְּיִשְׂרָאֵל וְהִנִּיחָם
עַל־אַדְמָתָם וְנִלְוָה הַגֵּר עֲלֵיהֶם וְנִסְפְּחוּ עַל־בֵּית יַעֲקֹב׃
2 וּלְקָחוּם עַמִּים וֶהֱבִיאוּם אֶל־מְקוֹמָם וְהִתְנַחֲלוּם בֵּית־
יִשְׂרָאֵל עַל אַדְמַת יְהוָה לַעֲבָדִים וְלִשְׁפָחוֹת וְהָיוּ שֹׁבִים
3 לְשֹׁבֵיהֶם וְרָדוּ בְּנֹגְשֵׂיהֶם׃ וְהָיָה בְּיוֹם הָנִיחַ יְהוָה
לְךָ מֵעָצְבְּךָ וּמֵרָגְזֶךָ וּמִן־הָעֲבֹדָה הַקָּשָׁה אֲשֶׁר עֻבַּד־בָּךְ׃
4 וְנָשָׂאתָ הַמָּשָׁל הַזֶּה עַל־מֶלֶךְ בָּבֶל וְאָמָרְתָּ אֵיךְ שָׁבַת
ה נֹגֵשׂ שָׁבְתָה מַדְהֵבָה׃ שָׁבַר יְהוָה מַטֵּה רְשָׁעִים שֵׁבֶט
6 מֹשְׁלִים׃ מַכֶּה עַמִּים בְּעֶבְרָה מַכַּת בִּלְתִּי סָרָה רֹדֶה
7 בָאַף גּוֹיִם מֻרְדָּף בְּלִי חָשָׂךְ׃ נָחָה שָׁקְטָה כָּל־הָאָרֶץ
8 פָּצְחוּ רִנָּה׃ גַּם־בְּרוֹשִׁים שָׂמְחוּ לְךָ אַרְזֵי לְבָנוֹן מֵאָז
9 שָׁכַבְתָּ לֹא־יַעֲלֶה הַכֹּרֵת עָלֵינוּ׃ שְׁאוֹל מִתַּחַת רָגְזָה לְךָ
לִקְרַאת בּוֹאֶךָ עוֹרֵר לְךָ רְפָאִים כָּל־עַתּוּדֵי אָרֶץ הֵקִים
י מִכִּסְאוֹתָם כֹּל מַלְכֵי גוֹיִם׃ כֻּלָּם יַעֲנוּ וְיֹאמְרוּ אֵלֶיךָ גַּם־
11 אַתָּה חֻלֵּיתָ כָמוֹנוּ אֵלֵינוּ נִמְשָׁלְתָּ׃ הוּרַד שְׁאוֹל גְּאוֹנֶךָ
12 הֶמְיַת נְבָלֶיךָ תַּחְתֶּיךָ יֻצַּע רִמָּה וּמְכַסֶּיךָ תּוֹלֵעָה׃ אֵיךְ
נָפַלְתָּ מִשָּׁמַיִם הֵילֵל בֶּן־שָׁחַר נִגְדַּעְתָּ לָאָרֶץ חוֹלֵשׁ עַל־
13 גּוֹיִם׃ וְאַתָּה אָמַרְתָּ בִלְבָבְךָ הַשָּׁמַיִם אֶעֱלֶה מִמַּעַל
לְכוֹכְבֵי־אֵל אָרִים כִּסְאִי וְאֵשֵׁב בְּהַר־מוֹעֵד בְּיַרְכְּתֵי

אוּנְד זַייא וָועלֶען זִיךְ נִיט מְרַחֵם זַיין אִיבֶּער
דִיא פְרוּכְט פוּן דֶעם לֵייבּ, אִיבֶּער קִינְדֶער
וָועט זִיךְ זַייעֶר אוֹיג נִיט דֶערְבַּארְמֶען׃
19 אוּנְד בָּבֶל, וָואס אִיז דִיא צִירוּנְג פוּן
קֶענִיגְרַייכֶע, דִיא שֶׁענֶע גְרוֹיסְקַייט פוּן דִיא
כַּשְׂדִים וָועט זַיין אַזוֹי ווִיא וָוען גָאט הָאט
אִיבֶּערגֶעקֶעהְרְט סְדוֹם אוּנְד עֲמוֹרָה׃ 20 זִיא
וָועט קֵיינְמָאל נִיט בֶּעווָאוֹינְט וָוערֶען, אוּנְד
קֵיינֶער וָועט אִין אִיהְר נִיט ווָאוֹינֶען פוּן דוֹר
צוּ דוֹר, אוּנְד קֵיין עֲרָבִי וָועט דָארְט נִיט
אוֹיפְשְׁטֶעלֶען זַיין גֶעצֶעלְט, אוּנְד קֵיינֶע
פַּאסְטוּכֶער וָועלֶען נִיט זַייעֶרֶע שָׁאף דָארְט
לַאגֶערְן מַאכֶען׃ 21 נֵייעֶרְט ווִילְדֶע חַיוֹת
פוּן דֶער מִדְבָּר וָועלֶען זִיךְ דָארְטֶען לַא־
גֶערְן, אוּנְד זַייעֶרֶע הֵייזֶער וָועלֶען זַיין פוּל
מִיט אֵיילֶען (אוֹחִים), אוּנְד יוּנְגֶע שְׁטְרוֹיסֶען
וָועלֶען דָארְטֶען ווָאוֹינֶען, אוּנְד דִיא שֵׁדִים
(אוּמְרֵיינֶע רוּחוֹת) וָועלֶען דָארְטֶען אַרוּמְ־
טַאנְצֶען׃ 22 אוּנְד ווִילְדֶע קֶעץ וָועלֶען
שְׁרַייעֶן אִין זַייעֶרֶע פַּאלַאסְטֶען, אוּנְד דְרַאַ־
כֶען־שְׁלַאנְגֶען אִין זַייעֶרֶע לוּסְטבַּארֶע טֶעמְ־
פֶעל; אוּנְד זַייעֶרֶע צַייט אִיז נָאהֶענְט
אָנְצוּקוּמֶען, אוּנְד זַייעֶרֶע טֶעג וָועלֶען זִיךְ
נִיט פֶערְלֶענְגֶערְן׃

## קאפיטעל יד

1 אָבֶּער דֶער הַאר וָועט זִיךְ מְרַחֵם זַיין אִיבֶּער יַעֲקֹב, אוּנְד עֶר וָועט נָאכְאַמָאל אוֹיסְדֶערְ־
ווֵיילֶען יִשְׂרָאֵל, אוּנְד עֶר וָועט זַייא (ווִידֶער) אַיינְזֶעצֶען אִין זַייעֶר לַאנְד, אוּנְד דֶער גֵר וָועט
זִיךְ צוּ זַייא בֶּעהֶעפְטֶען, אוּנְד זַייא וָועלֶען זִיךְ אָנְשְׁלִיסֶען צוּ דֶעם הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן יַעֲקֹב׃
2 אוּנְד פֶעלְקֶער וָועלֶען זַייא נֶעמֶען אוּנְד וָועלֶען זַייא בְּרֶענְגֶען צוּ זַייעֶר אָרְט, אוּנְד דָאס
הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן יִשְׂרָאֵל וָועלֶען זַייא יַרְשְׁנ'ן אִין דֶעם לַאנְד פוּן דֶעם הַאר אַלְס קְנֶעכְט אוּנְד
דִינְסְטמֶעדְעֶן, אוּנְד זַייא וָועלֶען גֶעפַאנְגֶען נֶעמֶען דִיא וָואס הָאבֶּען זַייא גֶעפַאנְגֶען גֶעהַאלְטֶען,
אוּנְד זַייא וָועלֶען גֶעוָועלְטִיגֶען אִיבֶּער זַייעֶרֶע בֶּעצְווִינְגֶערְס׃ 3 אוּנְד עֶס וָועט זַיין אִין דֶעם טָאג
וָוען דֶער הַאר וָועט דִיר גֶעבֶּען רוּה פוּן דַיינֶע מִיהֶע אוּנְד פוּן דַיין צִיטֶערְן, אוּנְד פוּן דֶער אַרְ־
בֵּייט מִיט וָואס מֶען הָאט דִיךְ גֶעמַאכְט דִינֶען (אַרְבֵּייטֶען)׃ 4 אַזוֹי זָאלְסְט דוּא אוֹיפְהֵייבֶּען דָאס
מָשָׁל קֶעגֶען דֶעם מֶלֶךְ פוּן בָּבֶל, אוּנְד זָאגֶען—ווִיא הָאט דֶער בֶּעצְווִינְגֶער אוֹיפְגֶעהֶערְט! דֶער
גָאלְדפְרֶעסֶער הָאט אוֹיפְגֶעהֶערְט! 5 דֶער הַאר הָאט צוּבְּרָאכֶען דֶעם שְׁטֶעקֶען פוּן דִיא
רְשָׁעִים, אוּנְד דִיא רוּט פוּן דִיא גֶעוָועלְטִיגֶער׃ 6 דֶער וָואס הָאט דִיא פֶעלְקֶער גֶעשְׁלָאגֶען מִיט
אַ צָארְן, אַ שְׁלָאג אָהְן אוֹיפְהֶערֶען, דֶער וָואס הָאט גֶעוָועלְטִיגְט אִיבֶּער דִיא אוּמוֹת מִיט
צָארְן, וָוערְט נָאכְגֶעיָאגְט אוּנְד קֵיינֶער פֶערְוֶועהְרְט עֶס׃ 7 דִיא גַאנְצֶע עֶרְד אִיז רוּהִיג אוּנְד
שְׁטִיל גֶעבְּלִיבֶּען, זַייא בְּרֶעכֶען אוֹיס אִין דֶעם גֶעזַאנְג׃ 8 אוֹיךְ דִיא בּוּקְס־בֵּיימֶער פְרֵייעֶן
זִיךְ אִיבֶּער דִיר, אוּנְד דִיא טַאנֶענְבֵּיימֶער פוּן לְבָנוֹן, (אוּנְד זָאגֶען), זַייט דֶעם דוּא הָאסְט דִיךְ
גֶעלֶעגְט טְהוּט נִיט דֶער פֶערְשְׁנֵיידֶער אִיבֶּער אוּנְס אוֹיפְגֶעהְן? 9 דָאס גֵיהִנָּם פוּן אוּנְטֶען
וָועט צִיטֶערְן פָאר דִיר, אַנְטְקֶעגֶען דַיין אָנְקוּמֶען, מֶען הָאט דֶערְוֶועקְט דִיא טוֹיטֶע, אַלֶע הַאַ־
רֶען פוּן דֶעם לַאנְד, אוּנְד מֶען הָאט אוֹיפְגֶעשְׁטֶעלְט פוּן זַייעֶרֶע שְׁטוּהְלֶען אַלֶע מְלָכִים פוּן
דִיא פֶעלְקֶער׃ 10 דִיא אַלֶע וָועלֶען עֶנְטְפֶערְן אוּנְד זַייא וָועלֶען צוּ דִיר זָאגֶען, בִּיזְט דוּא
אוֹיךְ קְרַאנְק גֶעוָוארֶען ווִיא מִיר? בִּיזְט דוּא צוּ אוּנְס גֶעגְלִיכֶען גֶעוָוארֶען? 11 דַיינֶע גְרוֹיסְקַייט
אִיז אַרוּפְּגֶענִידֶערְט אִין דֶעם שְׁאוֹל, אוּנְד דָאס בְּרוּמֶען פוּן דַיינֶע פִידֶעלְן, אוּנְטֶער דִיר זֶענֶען
וָוערְם אוֹיסְגֶעבֶּעט, אוּנְד דַיינֶע צוּדֶעק זֶענֶען (אוֹיךְ) וָוערְם׃ 12 אוֹי, ווִיא בִּיזְט דוּא אַרוּפְּגֶע־
פַאלֶען פוּן דֶעם הִימֶעל, דוּא לִיכְטִיגֶער מָארְגֶענְשְׁטֶערְן! ווִיא בִּיזְט דוּא אָפְּגֶעהַאקְט גֶעוָוארֶען
צוּ דֶער עֶרְד, דוּא וָואס הָאסְט דִיא פֶעלְקֶער שְׁוַואךְ גֶעמַאכְט! 13 אוּנְד דוּא הָאסְט גֶעזָאגְט אִין
דַיין הַארְץ, אִיךְ וָועל אַרוֹיפְגֵיין צוּ דֶעם הִימֶעל אִיךְ וָועל אוֹיפְהֶעבֶּען מֵיין שְׁטוּהְל הֶעכֶער ווִיא
דִיא שְׁטֶערְן פוּן גָאט, אוּנְד אִיךְ וָועל זִיצֶען אוֹיף דֶעם בַּארְג פוּן דֶער פֶערְזַאמְלוּנְג אַן דֶער
צפון־זייט

צָפוֹן־זֵייט: 14 אִיךְ וֶועל אַרוֹיפְגֵיין אִיבֶּער דִיא הֵייךְ פוּן דִיא וָואלְקֶען, אוּנְד אִיךְ וֶועל גְלֵייךְ זֵיין צוּ דֶעם אוֹיבֶּערְשְׁטֶען: 15 אָבֶּער דוּא וֶועסְט אַרוּפְּנִידֶערְן בִּיז צוּ דֶעם שְׁאוֹל (גֵיהִנָם) בִּיז צוּ דִיא זֵייטֶען פוּן דֶער גְרוּבּ: 16 דִיא וָואס זֶעהֶען דִיךְ וֶועלֶען דִיךְ אָנְקוּקֶען, אוּנְד דִיךְ בֶּעטְרַאכְטֶען, (אוּנְד וֶועלֶען זָאגֶען), אִיז דָאס דֶער מַאן וָואס הָאט גֶעמַאכְט דִיא עֶרְד צִיטֶערְן אוּנְד קֶענִיגְרֵייכֶע שְׁטוּרְמֶען? 17 וָואס הָאט גֶעמַאכְט דִיא וֶועלְט וִויא אַ מִדְבָּר אוּנְד הָאט צוּבְּרָאכֶען זֵיינֶע שְׁטֶעט, אוּנְד עֶר הָאט נִיט גֶעלָאזְט דִיא טְהִיר אוֹיפְמַאכֶען פַאר זֵיינֶע גֶעבּוּנְדֶענֶע? 18 אַלֶע מְלָכִים פוּן דִיא פֶעלְקֶער, אַלֶע לִיגֶען אִין זֵייעֶר כָּבוֹד, אִיטְלִיכֶער אִין זֵיין הוֹיז: 19 אָבֶּער דוּא בִּיזְט אַרוֹיסְגֶעוָוארְפֶען פוּן דֵיין קֶבֶר אַזוֹי וִויא אֵיין אוּמְוִוירְדִיגֶער צְוֵוייג, מִיט אַ קְלֵייד פוּן דִיא הֲרוּגִים וָואס זֶענֶען דֶערְשְׁטָאכֶען מִיט אַ שְׁוֶוערְד, וָואס טְהוּעֶן אַרוּפְּנִידֶערְן צוּ דִיא שְׁטֵיינֶער פוּן דִיא גְרוּבּ, אַזוֹי וִויא אַ צֶערְטְרֶעטֶענֶער פֶּגֶר: 20 דוּא וֶועסְט נִיט מִיט זֵייא גְלֵייךְ זֵיין אִין קְבוּרָה, וָוארִין דוּא הָאסְט פֶערְדָארְבֶּען דֵיין לַאנְד אוּנְד הָאסְט גֶעהַרְגֶת דֵיין פָאלְק, דֶער שְׁלֶעכְטֶער זָאמֶען וֶועט נִיט אוֹיף אֵייבִּיג אַ נָאמֶען הָאבֶּען: 21 בְּרֵייט אָן אַ שֶׁעכְטוּנְג פַאר זֵיינֶע קִינְדֶער וֶועגֶען דֶער זִינְד פוּן זֵיינֶע עֶלְטֶערְן, כְּדֵי זֵייא זָאלֶען נִיט אוֹיפְשְׁטֶעהְן אוּנְד יַרְשְׁנֶען דָאס לַאנְד, אוּנְד אָנְפִילֶען דִיא וֶועלְט מִיט שְׁטֶעט: 22 וָוארִין אִיךְ וֶועל קֶעגֶען זֵייא אוֹיפְשְׁטֶעהְן, זָאגְט דֶער הַאר צְבָאוֹת, אוּנְד אִיךְ וֶועל פֶערְשְׁנֵיידֶען פוּן בָּבֶל דֶעם נָאמֶען אוּנְד דִיא אִיבֶּערְבְּלֵייבּוּנְג, אוּנְד אַ זוּהְן אוּנְד אֵיין אֵיינִיקֶעל, זָאגְט דֶער הַאר: 23 אוּנְד אִיךְ וֶועל אֵייךְ מַאכֶען פַאר אַ יְרוּשָׁה פוּן אִיגְלֶען אוּנְד וַואסֶער־זוּמְפֶּען, אוּנְד אִיךְ וֶועל זֵייא אוֹיסְקֶעהְרֶען מִיט אַ בֶּעזֶעם פוּן פֶערְטִילְגוּנְג, זָאגְט דֶער הַאר צְבָאוֹת: 24 דֶער הַאר צְבָאוֹת הָאט גֶעשְׁוְואוֹירֶען אַזוֹי צוּ זָאגֶען, זִיכֶערְלִיךְ, אַזוֹי וִויא אִיךְ הָאבּ גֶעטְרַאכְט אַזוֹי וֶועט עֶס זֵיין, אוּנְד אַזוֹי וִויא אִיךְ הָאבּ מִיךְ בֶּערָאטֶען אַזוֹי וֶועט עֶס בֶּעשְׁטֶעהְן: 25 אַז אִיךְ וֶועל אַשּׁוּר צוּבְּרֶעכֶען אִין מֵיין לַאנְד, אוּנְד אוֹיף מֵיינֶע בֶּערְג וֶועל אִיךְ אִיהְם צוּטְרֶעטֶען, אוּנְד דָאס יָאךְ זָאל פוּן זֵייא אָפְּגֶעטְהוּן וֶוערֶען, אוּנְד זֵיינֶע לַאסְט זָאל אָפְּגֶעטְהוּן וֶוערֶען פוּן זֵיינֶע אַקְסֶעלְן: 26 דָאס אִיז דִיא עֵצָה וָואס אִיז גֶעהַאלְטֶען גֶעוָוארֶען אִיבֶּער דֶעם גַאנְצֶען לַאנְד, אוּנְד דָאס אִיז דִיא הַאנְד וָואס אִיז אוֹיסְגֶעשְׁטְרֶעקְט אִיבֶּער אַלֶע פֶעלְקֶער: 27 וָוארִין דֶער הַאר צְבָאוֹת הָאט עֶס בֶּערָאטֶען, אוּנְד וֶוער קֶען עֶס פֶערְשְׁטֶערְן? אוּנְד זֵיינֶע הַאנְד אִיז אוֹיסְגֶעשְׁטְרֶעקְט, אוּנְד וֶוער קֶען עֶס אוּמְקֶעהְרֶען? 28 אִין דֶעם יָאהְר וֶוען דֶער מֶלֶךְ אָחָז אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען אִיז דִיא דָאזִיגֶע נְבוּאָה גֶעוֶועזֶען: 29 דוּא זָאלְסְט דִיךְ נִיט גַאנְץ פְרֵייעֶן פְּלִשְׁתִּים, דָאס דִיא רוּט פוּן דֵיינֶע שְׁלֶעגֶער אִיז צוּבְּרָאכֶען גֶעוָוארֶען, וָוארִין פוּן דִיא וָוארְצֶעל פוּן דֶער שְׁלַאנְג וֶועט אַרוֹיסְגֵיין אַ פַארְבִּיגֶע שְׁלַאנְג, אוּנְד זֵיינֶע פְרוּכְט וֶועט זֵיין אַ פֵייעֶרִיגֶע פְלִיהֶענְדֶע שְׁלַאנְג: 30 אוּנְד דִיא בְּכוֹרִים פוּן דִיא אָרֶעמֶע לֵייט וֶועלֶען זִיךְ דֶערְנֶעהְרֶען, אוּנְד דִיא בֶּעדִירְפְטִיגֶע וֶועלֶען זִיךְ אִין זִיכֶערְהֵייט אַנִידֶערְלֶעגֶען, אוּנְד אִיךְ וֶועל טֵייטֶען דוּרְךְ הוּנְגֶער דֵיינֶע וָואוּרְצֶעל, אוּנְד עֶר וֶועט דֵיינֶע אִיבֶּערְבְּלֵייבּוּנְג הַרְגֶ'נֶען: 31 קְלָאג דָאךְ אַ טוֹיעֶר! שְׁרֵייא, אַ שְׁטָאט! דוּא פְּלִשְׁתִּים בִּיזְט אִים גַאנְצֶען צוּגַאנְגֶען גֶעוָוארֶען; וָוארִין אַ רוֹיךְ וֶועט קוּמֶען פוּן צָפוֹן־זֵייט, אוּנְד קֵיינֶער וֶועט זֵיין אַלֵיין אִין זֵיינֶע צֵייטֶען: 32 אוּנְד וָואס וֶועט מֶען עֶנְטְפֶערְן צוּ דִיא שְׁלוּחִים פוּן דֶעם פָאלְק? דָאס דֶער הַאר הָאט גֶעגְרוּנְדְפֶעסְטִיגְט צִיוֹן, אוּנְד דִיא אָרֶעמֶע פוּן זֵיין פָאלְק וֶועלֶען זִיךְ אִין אִיהְר בֶּעשִׁיצֶען:

14 טו צָפוֹן: אֶעֱלֶה עַל־בָּמֳתֵי עָב אֶדַּמֶּה לְעֶלְיוֹן: אַךְ אֶל־
16 שְׁאוֹל תּוּרָד אֶל־יַרְכְּתֵי־בוֹר: רֹאֶיךָ אֵלֶיךָ יַשְׁגִּיחוּ אֵלֶיךָ
יִתְבּוֹנָנוּ הֲזֶה הָאִישׁ מַרְגִּיז הָאָרֶץ מַרְעִישׁ מַמְלָכוֹת:
17 שָׂם תֵּבֵל כַּמִּדְבָּר וְעָרָיו הָרָס אֲסִירָיו לֹא־פָתַח בָּיְתָה:
18 19 כָּל־מַלְכֵי גוֹיִם כֻּלָּם שָׁכְבוּ בְכָבוֹד אִישׁ בְּבֵיתוֹ: וְאַתָּה
הָשְׁלַכְתָּ מִקִּבְרְךָ כְּנֵצֶר נִתְעָב לְבֻשׁ הֲרֻגִים מְטֹעֲנֵי חָרֶב
כ יוֹרְדֵי אֶל־אַבְנֵי־בוֹר כְּפֶגֶר מוּבָס: לֹא־תֵחַד אִתָּם בִּקְבוּרָה
כִּי־אַרְצְךָ שִׁחַתָּ עַמְּךָ הָרָגְתָּ לֹא־יִקָּרֵא לְעוֹלָם זֶרַע
21 מְרֵעִים: הָכִינוּ לְבָנָיו מַטְבֵּחַ בַּעֲוֹן אֲבוֹתָם בַּל־יָקֻמוּ
22 וְיָרְשׁוּ אָרֶץ וּמָלְאוּ פְנֵי־תֵבֵל עָרִים: וְקַמְתִּי עֲלֵיהֶם נְאֻם
יְהוָה צְבָאוֹת וְהִכְרַתִּי לְבָבֶל שֵׁם וּשְׁאָר וְנִין וָנֶכֶד נְאֻם־
23 יְהוָה: וְשַׂמְתִּיהָ לְמוֹרַשׁ קִפֹּד וְאַגְמֵי־מָיִם וְטֵאטֵאתִיהָ
24 בְּמַטְאֲטֵא הַשְׁמֵד נְאֻם יְהוָה צְבָאוֹת: נִשְׁבַּע יְהוָה
צְבָאוֹת לֵאמֹר אִם־לֹא כַּאֲשֶׁר דִּמִּיתִי כֵּן הָיָתָה וְכַאֲשֶׁר
כה יָעַצְתִּי הִיא תָקוּם: לִשְׁבֹּר אַשּׁוּר בְּאַרְצִי וְעַל־הָרַי
אֲבוּסֶנּוּ וְסָר מֵעֲלֵיהֶם עֻלּוֹ וְסֻבֳּלוֹ מֵעַל שִׁכְמוֹ יָסוּר:
26 זֹאת הָעֵצָה הַיְּעוּצָה עַל־כָּל־הָאָרֶץ וְזֹאת הַיָּד הַנְּטוּיָה
27 עַל־כָּל־הַגּוֹיִם: כִּי־יְהוָה צְבָאוֹת יָעָץ וּמִי יָפֵר וְיָדוֹ
28 הַנְּטוּיָה וּמִי יְשִׁיבֶנָּה: בִּשְׁנַת־מוֹת הַמֶּלֶךְ אָחָז
29 הָיָה הַמַּשָּׂא הַזֶּה: אַל־תִּשְׂמְחִי פְלֶשֶׁת כֻּלֵּךְ כִּי נִשְׁבַּר
שֵׁבֶט מַכֵּךְ כִּי־מִשֹּׁרֶשׁ נָחָשׁ יֵצֵא צֶפַע וּפִרְיוֹ שָׂרָף
ל מְעוֹפֵף: וְרָעוּ בְּכוֹרֵי דַלִּים וְאֶבְיוֹנִים לָבֶטַח יִרְבָּצוּ
31 וְהֵמַתִּי בָרָעָב שָׁרְשֵׁךְ וּשְׁאֵרִיתֵךְ יַהֲרֹג: הֵילִילִי שַׁעַר
זַעֲקִי־עִיר נָמוֹג פְּלֶשֶׁת כֻּלֵּךְ כִּי מִצָּפוֹן עָשָׁן בָּא וְאֵין בּוֹדֵד
32 בְּמוֹעָדָיו: וּמַה־יַּעֲנֶה מַלְאֲכֵי־גוֹי כִּי יְהוָה יִסַּד צִיּוֹן וּבָהּ
יֶחֱסוּ עֲנִיֵּי עַמּוֹ:

טו

א מַשָּׂא מוֹאָב כִּי בְּלֵיל שֻׁדַּד עָר מוֹאָב נִדְמָה כִּי בְּלֵיל
ב שֻׁדַּד קִיר־מוֹאָב נִדְמָה׃ עָלָה הַבַּיִת וְדִיבֹן הַבָּמוֹת לְבֶכִי
עַל־נְבוֹ וְעַל מֵידְבָא מוֹאָב יְיֵלִיל בְּכָל־רֹאשָׁיו קָרְחָה כָּל־
ג זָקָן גְּרוּעָה׃ בְּחוּצֹתָיו חָגְרוּ שָׂק עַל־גַּגּוֹתֶיהָ וּבִרְחֹבֹתֶיהָ
ד כֻּלֹּה יְיֵלִיל יֹרֵד בַּבֶּכִי׃ וַתִּזְעַק חֶשְׁבּוֹן וְאֶלְעָלֵה עַד־יַהַץ
נִשְׁמַע קוֹלָם עַל־כֵּן חֲלֻצֵי מוֹאָב יָרִיעוּ נַפְשׁוֹ יָרְעָה לוֹ׃
ה לִבִּי לְמוֹאָב יִזְעָק בְּרִיחֶהָ עַד־צֹעַר עֶגְלַת שְׁלִשִׁיָּה כִּי ׀
מַעֲלֵה הַלּוּחִית בִּבְכִי יַעֲלֶה־בּוֹ כִּי דֶּרֶךְ חוֹרֹנַיִם זַעֲקַת־
ו שֶׁבֶר יְעֹעֵרוּ׃ כִּי־מֵי נִמְרִים מְשַׁמּוֹת יִהְיוּ כִּי־יָבֵשׁ חָצִיר
ז כָּלָה דֶשֶׁא יֶרֶק לֹא הָיָה׃ עַל־כֵּן יִתְרָה עָשָׂה וּפְקֻדָּתָם
ח עַל נַחַל הָעֲרָבִים יִשָּׂאוּם׃ כִּי־הִקִּיפָה הַזְּעָקָה אֶת־גְּבוּל
ט מוֹאָב עַד־אֶגְלַיִם יִלְלָתָהּ וּבְאֵר אֵילִים יִלְלָתָהּ׃ כִּי מֵי
דִימוֹן מָלְאוּ דָם כִּי־אָשִׁית עַל־דִּימוֹן נוֹסָפוֹת לִפְלֵיטַת
מוֹאָב אַרְיֵה וְלִשְׁאֵרִית אֲדָמָה׃

טז

א שִׁלְחוּ־כַר מֹשֵׁל־אֶרֶץ מִסֶּלַע מִדְבָּרָה אֶל־הַר בַּת־צִיּוֹן׃
ב וְהָיָה כְעוֹף־נוֹדֵד קֵן מְשֻׁלָּח תִּהְיֶינָה בְּנוֹת מוֹאָב מַעְבָּרוֹת
ג לְאַרְנוֹן׃ הָבִיאוּ עֵצָה עֲשׂוּ פְלִילָה שִׁיתִי כַלַּיִל צִלֵּךְ
ד בְּתוֹךְ צָהֳרָיִם סַתְּרִי נִדָּחִים נֹדֵד אַל־תְּגַלִּי׃ יָגוּרוּ בָךְ
נִדָּחַי מוֹאָב הֱוִי־סֵתֶר לָמוֹ מִפְּנֵי שׁוֹדֵד כִּי־אָפֵס הַמֵּץ
ה כָּלָה שֹׁד תַּמּוּ רֹמֵס מִן־הָאָרֶץ׃ וְהוּכַן בַּחֶסֶד כִּסֵּא
וְיָשַׁב עָלָיו בֶּאֱמֶת בְּאֹהֶל דָּוִד שֹׁפֵט וְדֹרֵשׁ מִשְׁפָּט וּמְהִר
ו צֶדֶק׃ שָׁמַעְנוּ גְאוֹן־מוֹאָב גֵּא מְאֹד גַּאֲוָתוֹ וּגְאוֹנוֹ וְעֶבְרָתוֹ
ז לֹא־כֵן בַּדָּיו׃ לָכֵן יְיֵלִיל מוֹאָב לְמוֹאָב כֻּלֹּה יְיֵלִיל לַאֲשִׁישֵׁי
ח קִיר־חֲרֶשֶׂת תֶּהְגּוּ אַךְ־נְכָאִים׃ כִּי שַׁדְמוֹת חֶשְׁבּוֹן אֻמְלָל
גֶּפֶן שִׂבְמָה בַּעֲלֵי גוֹיִם הָלְמוּ שְׂרוּקֶּיהָ עַד־יַעְזֵר נָגָעוּ תָּעוּ

## קאפיטעל טו

1 דיא נבואה איבער מואב, ווייל אין דער
נאכט איז ער אין מואב צושטערט גע־
ווארען, (אזוי וויא) איינגעשלאפען, ווייל
אין דער נאכט איז קיר אין מואב
צושטערט געווארען, (אזוי וויא) איינגע־
שלאפען: 2 ער איז ארויפגעגאנגען קיין
בית אונד צו דיא במות קיין דיבון צו
וויינען, מואב וועט קלאגען איבער נבו
אונד איבער מידבא, אין אלע זיינע קעפ
איז א קאהלהייט, אלע בערט ווערען
אויסגעריסען: 3 אין זיינע גאסען וועלען
זייא זיך אנגארטעלן מיט זעק, אויף זיירע
דעכער אונד אין זיירע גאסען וועלען אלע
קלאגען, זייא קומען אראפ מיט געוויין:
4 אונד חשבון אונד אלעלה וועט שרייען,
ביז יהץ וועט זייער קול געהערט ווערען,
דארום וועלען אויך דיא געוואפענטע פון
מואב אויסשרייען, זיין נפש שרייעט אויף
זיך זעלבער: 5 מיין הארץ וועט אויס־
שרייען איבער מואב, איהרע אנטלאפענע
זענען ביז צוער (וויא) א דרייא יעהריגעס
קאלב, ווארין דאס ארויפגיין קיין לוחית
(וועט זיין) דאס ארויפגיין מיט געוויין,
ווארין אויף דעם וועג פון חורנים וועט
מען שרייען א געשרייא פון פערברעכענים: 6 ווארין דיא וואסער פון נמרים וועלען זיין
וויסט, ווייל דאס גראז וועט פערטריקענט ווערען, דאס גרינע גראז וועט פערלענט ווערען
עס וועט (גאר) קיין גרינעס זיין: 7 דארום דאס וואס זייא האבען ערווארבען אונד וואס
זייא האבען אפגעלעגט, וועלען זייא אוועקטראגען איבער דעם טייך פון דיא ווערבע ביי־
מער: 8 ווארין דאס געשרייא האט ארומגערינגעלט דיא גרענעץ פון מואב, ביז אגלים איז
געוועזען איהר קלאג, אונד אין באר אלים איז איהר קלאג געהערט געווארען: 9 ווייל דאס
וואסער פון דימון איז פול מיט בלוט, ווארין איך וועל מאכען אויף דימון איינע איינזאמלונג,
צו דיא וואס וועלען אנטרינען פון מואב, לייבען, אונד צו דיא איבערבלייבונג דאס לאנד:

## קאפיטעל טז

1 שיקט דאס לאם צו דעם הערשער פון דעם לאנד פון סלע צו דער מדבר, צו דעם בארג
פון דער טאכטער ציון: 2 אונד עס וועט זיין, אזוי וויא א פערוואגעלטער פויגעל וואס איז
אוועקגעשיקט פון דעם נעסט, אזוי וועלען זיין דיא טעכטער פון מואב בייא דיא איבער־
פאהרטען פון ארנון: 3 נעם איין עצה, טהוא משפט, מאך דיין שאטען אין מיטען טאג
וויא אין דער נאכט, בעהאלט דיא פערשטויסענע, דעם פערוואגעלטען זאלסט דוא ניט
מגלה זיין: 4 לאזען מיינע פערשטויסענע בייא דיר וואוינען, מואב; זייא א פערבארגונג
צו זייא פאר דעם רויבער, ווארין דער אויסקוועטשער האט איין ענד, דער צושטערער
האט אים גאנצען אויפגעהערט, אונד דיא טרעטער פון דעם לאנד: 5 אונד דער טרוין־
שטוהל וועט אנגעריכט ווערען מיט חסד, אונד ער וועט אויף איהם זיצען מיט אמת אין
דעם געצעלט פון דוד, ער וועט זיין א שופט אונד וועט פארשען משפט אונד וועט זיך
איילען צו טהון גערעכטיגקייט: 6 מיר האבען געהערט פון דער שטאלצהייט פון מואב,
ער איז זעהר שטאלץ, וועגען זיינע גאוה אונד זיינע שטאלצהייט אונד זיין צארן, זיינע
געדאנקען זאלען ניט אזוי זיין: 7 דאריבער וועט מואב קלאגען איבער מואב, אלע וועלען
קלאגען, איבער דיא פונדאמענטען פון דער (שטאט) קיר חרשת וועט איהר קלאגען, זייא
זענען געווים דערשלאגענע: 8 ווארין דיא פעלדער פון חשבון זענען פארשניטען געווא־
רען, אונד דיא צווייגען פון דעם וויינשטאק פון שבמה האבען דיא הארען פון דיא גוים
צוקלאפט, ביז קיין יעזר האבען זייא אנגערירט, זייא זענען פעראירט געווארען
אין

מִדְבָּר שְׁלֻחוֹתֶיהָ נִטְּשׁוּ עָבְרוּ יָם׃ עַל־כֵּן אֶבְכֶּה בִּבְכִי 9
יַעְזֵר גֶּפֶן שִׂבְמָה אֲרַיָּוֶךְ דִּמְעָתִי חֶשְׁבּוֹן וְאֶלְעָלֵה כִּי עַל־
קֵיצֵךְ וְעַל־קְצִירֵךְ הֵידָד נָפָל׃ וְנֶאֱסַף שִׂמְחָה וָגִיל מִן־ י
הַכַּרְמֶל וּבַכְּרָמִים לֹא־יְרֻנָּן לֹא יְרֹעָע יַיִן בַּיְקָבִים לֹא־יִדְרֹךְ
הַדֹּרֵךְ הֵידָד הִשְׁבַּתִּי׃ עַל־כֵּן מֵעַי לְמוֹאָב כַּכִּנּוֹר יֶהֱמוּ 11
וְקִרְבִּי לְקִיר חָרֶשׂ׃ וְהָיָה כִי־נִרְאָה כִּי־נִלְאָה מוֹאָב עַל־ 12
הַבָּמָה וּבָא אֶל־מִקְדָּשׁוֹ לְהִתְפַּלֵּל וְלֹא יוּכָל׃ זֶה הַדָּבָר 13
אֲשֶׁר דִּבֶּר יְהוָה אֶל־מוֹאָב מֵאָז׃ וְעַתָּה דִּבֶּר יְהוָה לֵאמֹר 14
בְּשָׁלֹשׁ שָׁנִים כִּשְׁנֵי שָׂכִיר וְנִקְלָה כְּבוֹד מוֹאָב בְּכֹל הֶהָמוֹן
הָרָב וּשְׁאָר מְעַט מִזְעָר לוֹא כַבִּיר׃

יז יז

מַשָּׂא דַּמָּשֶׂק הִנֵּה דַמֶּשֶׂק מוּסָר מֵעִיר וְהָיְתָה מְעִי א
מַפָּלָה׃ עֲזֻבוֹת עָרֵי עֲרֹעֵר לַעֲדָרִים תִּהְיֶינָה וְרָבְצוּ וְאֵין 2
מַחֲרִיד׃ וְנִשְׁבַּת מִבְצָר מֵאֶפְרַיִם וּמַמְלָכָה מִדַּמֶּשֶׂק 3
וּשְׁאָר אֲרָם כִּכְבוֹד בְּנֵי־יִשְׂרָאֵל יִהְיוּ נְאֻם יְהוָה צְבָאוֹת׃
וְהָיָה בַּיּוֹם הַהוּא יִדַּל כְּבוֹד יַעֲקֹב וּמִשְׁמַן 4
בְּשָׂרוֹ יֵרָזֶה׃ וְהָיָה כֶּאֱסֹף קָצִיר קָמָה וּזְרֹעוֹ שִׁבֳּלִים ה
יִקְצוֹר וְהָיָה כִּמְלַקֵּט שִׁבֳּלִים בְּעֵמֶק רְפָאִים׃ וְנִשְׁאַר־בּוֹ 6
עוֹלֵלֹת כְּנֹקֶף זַיִת שְׁנַיִם שְׁלֹשָׁה גַּרְגְּרִים בְּרֹאשׁ אָמִיר
אַרְבָּעָה חֲמִשָּׁה בִּסְעִפֶיהָ פֹּרִיָּה נְאֻם־יְהוָה אֱלֹהֵי
יִשְׂרָאֵל׃ בַּיּוֹם הַהוּא יִשְׁעֶה הָאָדָם עַל־עֹשֵׂהוּ וְעֵינָיו אֶל־ 7
קְדוֹשׁ יִשְׂרָאֵל תִּרְאֶינָה׃ וְלֹא יִשְׁעֶה אֶל־הַמִּזְבְּחוֹת 8
מַעֲשֵׂה יָדָיו וַאֲשֶׁר עָשׂוּ אֶצְבְּעֹתָיו לֹא יִרְאֶה וְהָאֲשֵׁרִים
וְהַחַמָּנִים׃ בַּיּוֹם הַהוּא יִהְיוּ ׀ עָרֵי מָעֻזּוֹ כַּעֲזוּבַת 9
הַחֹרֶשׁ וְהָאָמִיר אֲשֶׁר עָזְבוּ מִפְּנֵי בְּנֵי יִשְׂרָאֵל וְהָיְתָה
שְׁמָמָה׃ כִּי שָׁכַחַתְּ אֱלֹהֵי יִשְׁעֵךְ וְצוּר מָעֻזֵּךְ לֹא זָכָרְתְּ י
עַל־כֵּן תִּטְּעִי נִטְעֵי נַעֲמָנִים וּזְמֹרַת זָר תִּזְרָעֶנּוּ׃ בְּיוֹם 11

אין דער מִדְבָּר, זייערע צווייגען זענען
אויסגעשטרעקט, זיי זענען אַריבערגע־
גאַנגען איבער דעם יַם: 9 איבער דעם
וועל איך וויינען מיט יַעְזֵר׳ס געוויין
וועגען דעם ווייַנשטאָק פון שִׂבְמָה, איך
וועל דיך בענעצען מיט מיינע טרערען, אָ
חֶשְׁבּוֹן אונד אֶלְעָלֵה, וואָרין אויף דיינע
זומער־פֵּירוֹת אונד אויף דיין שניט איז אַ
געשריי (הֵידָד) געפאַלען: 10 אונד די
שִׂמְחָה וועט אויפהערען, אונד די פרייד
פון דעם פרוכטבאַרען אָרט, אונד אין די
ווייַנגערטען וועט ניט געזונגען ווערען,
אונד עס וועט אויך ניט געשאַלט ווערען,
דער טרעטער וועט קיין ווייַן אויסטרע־
טען אין די קעלטער אונד דאס געשריי
הֵידָד האָב איך געמאַכט אויפהערען!
11 דאריבער טהון מיינע געדערם קלאָגען
איבער מוֹאָב אַזוֹי ווי אַ פידעל ברומט,
אונד מיין אינעווייניגעס וועגען קִיר חָרֶשׂ:
12 אונד עס וועט זיין, ווען עס וועט זיך
אַרויסווייזען אַז מוֹאָב איז מיד געוואָרען
אויף דער הייך, אַזוֹי וועט ער אַריינקומען
אין זיין הייליגען אָרט צו בעטען, אָבער
ער וועט ניט קענען בייקומען: 13 דאס
איז דאס וואָרט וואָס דער האַר האָט
גערעט וועגען מוֹאָב פון אַ לאַנגע צייט אָן: 14 אָבער אַצונד האָט דער האַר גערעט אַזוֹי צו
זאָגען, אין דריי יאָהר אַרום, אַזוֹי ווי די יאָהרען פון אַ געדונגענעם, וועט דער כָּבוֹד
פון מוֹאָב גרינג ווערען, מיט דער גאַנצער מאַסע מענשען, אונד די איבערבלייבונג וועט
זיין זעהר ווייניג אונד שוואַך:

קאפיטעל יז

1 די נְבוּאָה איבער דַמֶּשֶׂק— זעה דַמֶּשֶׂק איז אָפגעטהון פון צו זיין אַ שטאָט, אונד זיי
וועלען זיין אַ טיפע איינפאַלונג: 2 די שטעט פון עֲרוֹעֵר זענען פערלאָזט געוואָרען, זיי
וועלען זיין פאַר די בְּהֵמוֹת, זיי וועלען זיך דאָרט אַנידערלעגען אונד קיינער וועט זיי
דערשרעקען: 3 די פעסטע שטעט פון אֶפְרַיִם וועלען אויפהערען, אונד דאס קעניגרייך
פון דַמֶּשֶׂק אונד אויך דאס איבריגע פון אֲרָם זיי וועלען זיין אַזוֹי ווי דער כָּבוֹד פון די
קינדער יִשְׂרָאֵל, זאָגט דער האַר צְבָאוֹת: 4 אונד עס וועט זיין אין דעמזעלביגען טאָג, אַזוֹי
וועט אויך דער כָּבוֹד פון יַעֲקֹב פערמערט ווערען, אונד די פעטיגקייט פון זיין פלייש
וועט מאָגער ווערען: 5 אונד עס וועט זיין אַזוֹי ווי דער שניידער זאַמעלט איין די תְּבוּאָה
אונד דאס שטייענדיגע קאָרן, אונד שנייט מיט זיין אָרעם די זאַנגען, אונד עס וועט זיין,
אַזוֹי ווי מען קלויבט אויף די זאַנגען אין דעם טהאָל רְפָאִים: 6 דאָך וועלען דאַרין אי־
בערבלייבען קליינע וויינטרויבען, אַזוֹי ווי פון איין אָפגעשאָקעלטען איילבערט־בוים,
צוויי אָדער דריי (קליינע) איילבערטען אויף די גאַנץ אויבערשטע צווייגען, פיער
אָדער פינף אין פרוכטבאַרסטע צווייגען זאָגט דער האַר, דער גאָט פון יִשְׂרָאֵל: 7 אין דעם
זעלביגען טאָג וועט זיך דער מענש קעהרען צו זיין בעשעפער, אונד זיינע אויגען וועלען
אַהינזעהען צו דעם הייליגען פון יִשְׂרָאֵל: 8 אונד ער וועט זיך ניט מעהר קעהרען צו די
מִזְבְּחוֹת וואָס זיינע הענד האָבען געמאַכט, אונד דאס וואָס זיינע פינגער האָבען געמאַכט וועט
ער ניט מעהר אָנזעהען, אויך ניט די לינדען־ביימער אונד די זון־בילדער: 9 אין דעמ־
זעלביגען טאָג וועלען זיינע שטאַרקע שטעט זיין ווי די פערלאָזענע וועלדער אונד ווי
די הויכע בערגע צווייגען וואָס זענען פערלאָזט געוואָרען וועגען די קינדער יִשְׂרָאֵל, אונד
עס וועט זיין אַ פערוויסטונג: 10 ווייל דו האָסט פערגעסען דעם גאָט פון דיינע הילף, אונד אַן
דעם פעלז פון דיינע שטאַרקייט האָסט דו ניט געדענקט, דאַרום וועסט דו עס בעפלאַנצען
מיט זיסע פלאַנצען, אונד דו וועסט עס מיט פרעמדע צווייגען איינזעצען: 11 אין דעם טאָג
פון

נטעך תשגשגי ובבקר זרעך תפריחי נד קציר ביום
12 נחלה וכאב אנוש: הוי המון עמים רבים כהמות
ימים יהמיון ושאון לאמים כשאון מים כבירים ישאון:
13 לאמים כשאון מים רבים ישאון וגער בו ונס ממרחק
14 ורדף כמץ הרים לפני־רוח וכגלגל לפני סופה: לעת
ערב והנה בלהה בטרם בקר איננו זה חלק שוסינו
וגורל לבזזינו:

# יח

א 2 הוי ארץ צלצל כנפים אשר מעבר לנהרי־כוש: השלח
בים צירים ובכלי־גמא על־פני־מים לכו ׀ מלאכים קלים
אל־גוי ממשך ומורט אל־עם נורא מן־הוא והלאה גוי
3 קו־קו ומבוסה אשר־בזאו נהרים ארצו: כל־ישבי תבל
ושכני ארץ כנשא־נס הרים תראו וכתקע שופר תשמעו:
4 כי כה אמר יהוה אלי אשקוטה ואביטה במכוני
ה כחם צח עלי־אור כעב טל בחם קציר: כי־לפני קציר
כתם־פרח ובסר גמל יהיה נצה וכרת הזלזלים
6 במזמרות ואת־הנטישות הסיר התז: יעזבו יחדו לעיט
הרים ולבהמת הארץ וקץ עליו העיט וכל־בהמת הארץ
7 עליו תחרף: בעת ההיא יובל־שי ליהוה צבאות
עם ממשך ומורט ומעם נורא מן־הוא והלאה גוי ׀ קו־
קו ומבוסה אשר בזאו נהרים ארצו אל־מקום שם־יהוה
צבאות הר־ציון:

# יט

א משא מצרים הנה יהוה רכב על־עב קל ובא מצרים
ונעו אלילי מצרים מפניו ולבב מצרים ימס בקרבו:
2 וסכסכתי מצרים במצרים ונלחמו איש באחיו ואיש
3 ברעהו עיר בעיר ממלכה בממלכה: ונבקה רוח־

פון דיינע איינפלאנצונג מאכסט דוא עס שוין וואכסען, אונד אין דעם מארגען בליהט שוין דיין זאמען, אבער אין דער שניטצייט וועט עס זיין אן אוועקגע־ריקטער הויפען וויא אין דעם טאג פון שטארקע קראנקהייט אונד ווייטאג: 12 אוי וועה! צו דיא פאלקסמאסען, וואס מאכען א לערם וויא דאס רוישען פון דעם ים, אונד דאס ברומען פון דיא פעלקער וויא דאס ברומען פון פילע וואסערן וואס רוישען: 13 דיא פעלקער וועלען רוישען אזוי וויא פילע וואסערן רוישען, אבער גאט וועט זייא אנשרייען אונד זייא וועלען מוזען אנטלויפען פון ווייטען, אונד וועלען געיאגט ווערען אזוי וויא פלאָזוי פון דיא בערג פאר דעם ווינד, אונד אזוי וויא א רונדיגע זאך פאר דעם שטורמווינד: 14 אונד זעה, צו אבענד־צייט וועט זיין א שרעקעניס, איידער עס ווערט פריהמארגען איז שוין ניט מעהר דא, דאס איז דאס חלק פון אונזערע רויבערס, אונד דאס גורל פון דיא וואס בערויבען אונס:

## קאפיטעל יח

1 אוי וועה! צו דעם לאנד וואס איז בעשאטענט מיט פליגעל, וואס איז אויף יענער זייט פון דיא טייכען פון כוש: 2 וואס שיקען שלוחים אויף דעם ים, אונד אין שיפען פון פאפירא אויף דיא וואסערן, (אונד זאגען) געהט איהר גרינגע שלוחים צו א פאלק וואס זענען אפגעצויגען אונד אפגע־פליקט, צו א פאלק וואס איז פארכטיג פון זיין אנפאנג אונד ביז אהער, א פאלק וואס ווערט איהם געמאסטען אונד צוטרעטען, וועמעס לאנד דיא טייכען האבען צושפאלטען: 3 אלע בעוואוינער פון דער וועלט, אונד וואס וואוינען אין דעם לאנד, ווען מען וועט אויפהעבען א פאהן אויף דיא בערג זאלט איהר עס זעהען, אונד ווען מען וועט שופר בלאזען זאלט איהר עס הערען: 4 ווארין אזוי האט דער האר צו מיר געזאגט, איך וועל שטיל צוקוקען אין מיינע וואוינונג אזוי וויא א קלארע היץ ווען דיא זון געהט אויף, אונד אזוי וויא א וואלקען פון טויא אין דער היץ פון שניטצייט: 5 ווארין איידער דיא שניטצייט, ווען עס איז גאנצען בליהט, אונד דיא אונצייטיגע טרויבען וועלען צייטיג ווערען, וועט מען דיא צווייגען אפשניידען מיט א שניידמעסער, אונד מען וועט אפ־האקען אונד אוועקנעמען דיא צווייגלעך: 6 אונד מען וועט זייא פערלאזען צו דיא רויבפעגעל פון דיא בערג, אונד צו דיא ווילדע חיות פון דעם לאנד, אונד דיא רויב־פעגעל וועלען דארויף זומערן אונד אלע ווילדע חיות פון דעם לאנד וועלען זיך דארויף ווינטערן: 7 אין דער דאזיגער צייט וועט געבראכט ווערען א געשענק צו דעם האר צבאות, פון א פאלק וואס זענען אפגעצויגען אונד אפגעפליקט, פון־א פאלק וואס איז פארכטיג פון זייער אנפאנג ביז אהער, א פאלק וואס ווערט איהם געמאסטען אונד ווערט צערטרעטען, וועמעס לאנד דיא טייכען האבען צושפאלטען, צו דעם ארט פון דעם נאמען פון דעם האר צבאות, דעם בארג ציון:

## קאפיטעל יט

1 דיא נבואה איבער מצרים. — זעה גאט רייט אויף א גרינגען וואלקען, אונד ער וועט קומען קיין מצרים, אונד דיא אפגעטער פון מצרים וועלען פערוואגעלט ווערען פאר זיין פנים, אונד דאס הארץ פון מצרים וועט אין איהם צושמאלצען ווערען: 2 אונד איך וועל אנרייצען מצרים קעגען מצרים, אונד איינער וועט קעגען דעם אנדערן מלחמה האלטען, איינע שטאט קעגען דיא אנדערע שטאט, אונד איין קעניגרייך קעגען דעם אנדערן קעניגרייך: 3 אונד דאס

מִצְרַיִם בְּקִרְבּוֹ וַעֲצָתוֹ אֲבַלֵּעַ וְדָרְשׁוּ אֶל־הָאֱלִילִים וְאֶל־
הָאִטִּים וְאֶל־הָאֹבוֹת וְאֶל־הַיִּדְּעֹנִים׃ וְסִכַּרְתִּי אֶת־מִצְרַיִם 4
בְּיַד אֲדֹנִים קָשֶׁה וּמֶלֶךְ עַז יִמְשָׁל־בָּם נְאֻם הָאָדוֹן יְהוָה
צְבָאוֹת׃ וְנִשְּׁתוּ־מַיִם מֵהַיָּם וְנָהָר יֶחֱרַב וְיָבֵשׁ׃ וְהֶאֶזְנִיחוּ ה 6
נְהָרוֹת דָּלְלוּ וְחָרְבוּ יְאֹרֵי מָצוֹר קָנֶה וָסוּף קָמֵלוּ׃ עָרוֹת 7
עַל־יְאוֹר עַל־פִּי יְאוֹר וְכֹל מִזְרַע יְאוֹר יִיבַשׁ נִדַּף וְאֵינֶנּוּ׃
וְאָנוּ הַדַּיָּגִים וְאָבְלוּ כָּל־מַשְׁלִיכֵי בַיְאוֹר חַכָּה וּפֹרְשֵׂי 8
מִכְמֹרֶת עַל־פְּנֵי־מַיִם אֻמְלָלוּ׃ וּבֹשׁוּ עֹבְדֵי פִשְׁתִּים 9
שְׂרִיקוֹת וְאֹרְגִים חוֹרָי׃ וְהָיוּ שָׁתֹתֶיהָ מְדֻכָּאִים כָּל־עֹשֵׂי י
שֶׂכֶר אַגְמֵי־נָפֶשׁ׃ אַךְ־אֱוִלִים שָׂרֵי צֹעַן חַכְמֵי יֹעֲצֵי פַרְעֹה 11
עֵצָה נִבְעָרָה אֵיךְ תֹּאמְרוּ אֶל־פַּרְעֹה בֶּן־חֲכָמִים אֲנִי בֶּן־
מַלְכֵי־קֶדֶם׃ אַיָּם אֵפוֹא חֲכָמֶיךָ וְיַגִּידוּ נָא לָךְ וְיֵדְעוּ מַה־ 12
יָּעַץ יְהוָה צְבָאוֹת עַל־מִצְרָיִם׃ נוֹאֲלוּ שָׂרֵי צֹעַן נִשְּׁאוּ שָׂרֵי 13
נֹף הִתְעוּ אֶת־מִצְרַיִם פִּנַּת שְׁבָטֶיהָ׃ יְהוָה מָסַךְ בְּקִרְבָּהּ 14
רוּחַ עִוְעִים וְהִתְעוּ אֶת־מִצְרַיִם בְּכָל־מַעֲשֵׂהוּ כְּהִתָּעוֹת
שִׁכּוֹר בְּקִיאוֹ׃ וְלֹא־יִהְיֶה לְמִצְרַיִם מַעֲשֶׂה אֲשֶׁר יַעֲשֶׂה טו
רֹאשׁ וְזָנָב כִּפָּה וְאַגְמוֹן׃ בַּיּוֹם הַהוּא יִהְיֶה מִצְרַיִם 16
כַּנָּשִׁים וְחָרַד ׀ וּפָחַד מִפְּנֵי תְּנוּפַת יַד־יְהוָה צְבָאוֹת אֲשֶׁר־
הוּא מֵנִיף עָלָיו׃ וְהָיְתָה אַדְמַת יְהוּדָה לְמִצְרַיִם לְחָגָּא 17
כֹּל אֲשֶׁר יַזְכִּיר אֹתָהּ אֵלָיו יִפְחָד מִפְּנֵי עֲצַת יְהוָה
צְבָאוֹת אֲשֶׁר־הוּא יוֹעֵץ עָלָיו׃ בַּיּוֹם הַהוּא יִהְיוּ 18
חָמֵשׁ עָרִים בְּאֶרֶץ מִצְרַיִם מְדַבְּרוֹת שְׂפַת כְּנַעַן וְנִשְׁבָּעוֹת
לַיהוָה צְבָאוֹת עִיר הַהֶרֶס יֵאָמֵר לְאֶחָת׃ בַּיּוֹם 19
הַהוּא יִהְיֶה מִזְבֵּחַ לַיהוָה בְּתוֹךְ אֶרֶץ מִצְרָיִם וּמַצֵּבָה אֵצֶל־
גְּבוּלָהּ לַיהוָה׃ וְהָיָה לְאוֹת וּלְעֵד לַיהוָה צְבָאוֹת בְּאֶרֶץ כ
מִצְרָיִם כִּי־יִצְעֲקוּ אֶל־יְהוָה מִפְּנֵי לֹחֲצִים וְיִשְׁלַח לָהֶם
מוֹשִׁיעַ וָרָב וְהִצִּילָם׃ וְנוֹדַע יְהוָה לְמִצְרַיִם וְיָדְעוּ מִצְרַיִם 21
אֶת־יְהוָה בַּיּוֹם הַהוּא וְעָבְדוּ זֶבַח וּמִנְחָה וְנָדְרוּ־נֵדֶר לַיהוָה

דאס געמיט פון מִצְרַיִם וועט אויסגעלעדיגט ווערען אין איהם, אונד איך וועל פערדארבען זיינע עֵצָה, אונד זייא וועלען פארשען ביא דיא אפגעטער, אונד בייא דיא כִּישׁוּף מאכערס, אונד בייא דיא טויטען־בעשווערערס אונד דיא בויכרעדנערס: 4 אונד איך וועל מִצְרַיִם איבערענטפערן אין דיא האנד פון הארטע הארען, אונד א הארטער מֶלֶךְ וועט איבער זייא געוועלטיגען, זאגט דער האר יְהֹוָה צְבָאוֹת; 5 אונד דאס וואסער וועט פון דעם יַם אויפהערען, אונד דער טייך וועט פערוויסט אונד פערטרוקענט ווערען: 6 אונד דיא טייכען וועלען ליימיג אונד זומפיג ווערען, אונד דיא פעסטע טייכען וועלען אויסגעטרוקענט ווערען, דאס יַם גראז וועט פערוועלקט ווערען: 7 דאס איינגעוואורצעלטע גראז בייא דעם טייך, בייא דעם אויסגוס פון דעם טייך, אונד אלערלייא געזייעטעס אין דעם טייך וועט פערטרוקענט אונד פערשטויסען ווערען, אונד עס וועט ניט מעהר זיין: 8 אונד דיא פישער וועלען קלאגען, אונד אלע וואס ווארפען א האקען אין דעם טייך וועלען טרויערען; אונד דיא וואס שפרייטען אויס נעץ אויף דעם וואסער וועלען פערשניטען ווערען: 9 אונד דיא וואס ארבייטען אין געקעמט פלאקס וועלען זיך שעמען אונד אויך דיא וואס וועבען געלעכערטע נעצען: 10 אונד זיירע גרינדונגען (פאבריקען) וועלען צושטויסען ווערען, אלע וואס מאכען פערשטאפונגען וועלען האבען אגמת נפש: 11 דיא פירשטען פון צוען זענען נאר נארונים, דיא ראטהארען פון פרעה האבען נארישע עֵצָה געגעבען; וויא אזוי זאגט איהר צו פרעה איך בין א זוהן פון חֲכָמִים, (איך בין) דער זוהן פון אלטע מְלָכִים? 12 אוואו זענען זייא? אוואו זענען דיינע חֲכָמִים? לאזען זייא עס דיר אנזאגען אז זייא זאלען וויסען וואס דער האר צְבָאוֹת האט געראטען איבער מִצְרַיִם: 13 דיא פירשטען פון צוען זענען פערנארישט, דיא פירשטען פון נוף זענען אפגענארט, דיא עקשטיינער (דיא הויפטלייט) פון זיירע שְׁבָטִים האבען מִצְרַיִם פעראירט: 14 גאט האט צווישען זייא פערמישט א פערקרומטעס געמיט, אונד זייא האבען מִצְרַיִם פעראירט אין אלע זיירע מַעֲשִׂים, אזוי וויא א שִׁכּוֹר טהוט זיך פעראירען בְּשַׁעַת אז ער מייקעכצט: 15 אונד מִצְרַיִם וועט אויך ניט האבען קיינעם וואס וועט טהון דיא מַעֲשִׂים ענטוועדער קאפ אדער וויידעל, דער גרויסער צווייג אדער קליינער: 16 אין דעם דאזיגען טאג וועט מִצְרַיִם זיין אזוי וויא ווייבער, אונד וועלען ציטערן אונד אנגסט האבען וועגען דיא אויפהעבונג פון דיא האנד פון דעם האר צְבָאוֹת וואס ער וועט איבער איהם אויפהעבען: 17 אונד דאס לאנד יְהוּדָה וועט זיין א שרעק צו מִצְרַיִם, איטליכער וואס וועט זיא צו איהם דערמאנען וועט מורא האבען, וועגען דער עֵצָה פון דעם האר צְבָאוֹת, וואס ער וועט זיך איבער איהם בעראטען: 18 אין דעם דאזיגען טאג וועלען זיין פינף שטעט אין דעם לאנד מִצְרַיִם וואס וועלען רעדען דאס לָשׁוֹן פון כְּנַעַן, אונד וועלען שווערען צו דעם האר צְבָאוֹת; איינע זאל גערופען ווערען דיא שטאט הֶרֶס (צושטערונג): 19 אין דעם דאזיגען טאג וועט זיין א מִזְבֵּחַ צו דעם האר אין מיטען פון דעם לאנד מִצְרַיִם, אונד א מַצֵּבָה וועט זיין בייא איהרע גרענעץ צו דעם האר: 20 אונד דאס וועט זיין פאר א צייכען אונד איין עֵדוּת צו דעם האר צְבָאוֹת אין דעם לאנד מִצְרַיִם, ווארין זייא וועלען שרייען צו דעם האר פון וועגען זיירע בעצווינגערס, אונד ער וועט צו זייא שיקען א העלפער, אונד א גרויסען (מאן), אונד ער וועט זייא מַצִּיל זיין: 21 אונד דער האר וועט בעקאנט ווערען צו מִצְרַיִם, אונד מִצְרַיִם וועט דעם האר קענען אין דעם דאזיגען טאג, אונד זייא וועלען מַקְרִיב זיין שעכט־אפפער אונד מִנְחָה, אונד זייא וועלען מְנַדֵּר זיין א נֶדֶר צו דעם האר

אונד

22 וְשִׁלְּמוֹ׃ וְנָגַף יְהוָה אֶת־מִצְרַיִם נָגֹף וְרָפוֹא וְשָׁבוּ עַד־יְהוָה
23 וְנֶעְתַּר לָהֶם וּרְפָאָם׃ בַּיּוֹם הַהוּא תִּהְיֶה מְסִלָּה
מִמִּצְרַיִם אַשּׁוּרָה וּבָא־אַשּׁוּר בְּמִצְרַיִם וּמִצְרַיִם בְּאַשּׁוּר
24 וְעָבְדוּ מִצְרַיִם אֶת־אַשּׁוּר׃ בַּיּוֹם הַהוּא יִהְיֶה יִשְׂרָאֵל
כה שְׁלִישִׁיָּה לְמִצְרַיִם וּלְאַשּׁוּר בְּרָכָה בְּקֶרֶב הָאָרֶץ׃ אֲשֶׁר
בֵּרֲכוֹ יְהוָה צְבָאוֹת לֵאמֹר בָּרוּךְ עַמִּי מִצְרַיִם וּמַעֲשֵׂה יָדַי
אַשּׁוּר וְנַחֲלָתִי יִשְׂרָאֵל׃

## כ

א בִּשְׁנַת בֹּא תַרְתָּן אַשְׁדּוֹדָה בִּשְׁלֹחַ אֹתוֹ סַרְגוֹן מֶלֶךְ אַשּׁוּר
2 וַיִּלָּחֶם בְּאַשְׁדּוֹד וַיִּלְכְּדָהּ׃ בָּעֵת הַהִיא דִּבֶּר יְהוָה בְּיַד
יְשַׁעְיָהוּ בֶן־אָמוֹץ לֵאמֹר לֵךְ וּפִתַּחְתָּ הַשַּׂק מֵעַל מָתְנֶיךָ
וְנַעַלְךָ תַחֲלֹץ מֵעַל רַגְלֶךָ וַיַּעַשׂ כֵּן הָלֹךְ עָרוֹם וְיָחֵף׃
3 וַיֹּאמֶר יְהוָה כַּאֲשֶׁר הָלַךְ עַבְדִּי יְשַׁעְיָהוּ עָרוֹם וְיָחֵף שָׁלֹשׁ
4 שָׁנִים אוֹת וּמוֹפֵת עַל־מִצְרַיִם וְעַל־כּוּשׁ׃ כֵּן יִנְהַג מֶלֶךְ־
אַשּׁוּר אֶת־שְׁבִי מִצְרַיִם וְאֶת־גָּלוּת כּוּשׁ נְעָרִים וּזְקֵנִים עָרוֹם
ה וְיָחֵף וַחֲשׂוּפַי שֵׁת עֶרְוַת מִצְרָיִם׃ וְחַתּוּ וָבֹשׁוּ מִכּוּשׁ מַבָּטָם
6 וּמִן־מִצְרַיִם תִּפְאַרְתָּם׃ וְאָמַר יֹשֵׁב הָאִי הַזֶּה בַּיּוֹם הַהוּא
הִנֵּה־כֹה מַבָּטֵנוּ אֲשֶׁר־נַסְנוּ שָׁם לְעֶזְרָה לְהִנָּצֵל מִפְּנֵי מֶלֶךְ
אַשּׁוּר וְאֵיךְ נִמָּלֵט אֲנָחְנוּ׃

## כא

א מַשָּׂא מִדְבַּר־יָם כְּסוּפוֹת בַּנֶּגֶב לַחֲלֹף מִמִּדְבָּר בָּא מֵאֶרֶץ
2 נוֹרָאָה׃ חָזוּת קָשָׁה הֻגַּד־לִי הַבּוֹגֵד ׀ בּוֹגֵד וְהַשּׁוֹדֵד ׀ שׁוֹדֵד
3 עֲלִי עֵילָם צוּרִי מָדַי כָּל־אַנְחָתָה הִשְׁבַּתִּי׃ עַל־כֵּן מָלְאוּ
מָתְנַי חַלְחָלָה צִירִים אֲחָזוּנִי כְּצִירֵי יוֹלֵדָה נַעֲוֵיתִי מִשְּׁמֹעַ
4 נִבְהַלְתִּי מֵרְאוֹת׃ תָּעָה לְבָבִי פַּלָּצוּת בִּעֲתָתְנִי אֵת נֶשֶׁף
ה חִשְׁקִי שָׂם לִי לַחֲרָדָה׃ עָרֹךְ הַשֻּׁלְחָן צָפֹה הַצָּפִית אָכוֹל
6 שָׁתֹה קוּמוּ הַשָּׂרִים מִשְׁחוּ מָגֵן׃ כִּי כֹה אָמַר אֵלַי

אונד זייא וועלען עס בעצאלען: 22 אונד דער האר וועט מצרים פלאגען, ער וועט זייא פלאגען אונד היילען, אונד זייא וועלען זיך אומקעהרען צו דעם האר, אונד ער וועט זיך פון זייא לאזען איבערבעטען אונד ער וועט זייא היילען: 23 אין דעם דאזיגען טאג וועט זיין איין (אויסגעטרעטענער) וועג פון מצרים קיין אשור, אונד מען וועט קומען פון אשור קיין מצרים, אונד פון מצרים קיין אשור, אונד מצרים וועט אשור דינען: 24 אין דעם דאזיגען טאג וועט ישראל זיין א דריטעל (אדער א הויפט) צו מצרים אונד צו אשור, (אפילו) א ברכה אין דער מיטען פון דעם לאנד: 25 וועמען דער האר צבאות האט געבענשט, אזוי צו זאגען, געבענשט איז מיין פאלק (אין) מצרים, אונד אשור דאס ווערק פון מיינע הענד, אונד ישראל מיין ערבטייל:

## קאפיטעל כ

1 אין דעם יאהר וואס תרתן איז געקומען קיין אשדוד, ווען סרגון קעניג פון אשור האט איהם געשיקט אונד ער האט מלחמה געהאלטען מיט אשדוד אונד האט זיא איינגענומען: 2 אין דער דאזיגער צייט האט דער האר גערעט דורך ישעיהו בן אמוץ, אזוי צו זאגען, געה אונד בינד אויף דעם זאק פון דיינע לענדען, אונד דוא זאלסט אפציהען דיינע שיך פון דיינע פים, אונד ער האט אזוי געטהון, ער איז ארומגעגאנגען נאקעט אונד בארפוס: 3 אונד דער האר האט געזאגט, אזוי וויא מיין קנעכט ישעיהו איז ארומגעגאנגען נאקעט אונד בארפוס דרייא יאהר פאר א צייכען אונד א וואונדער איבער מצרים אונד איבער כוש: 4 אזוי וועט דער מלך פון אשור אוועקפיהרען דיא געפאנגענשאפט פון מצרים אונד דיא פערטריבענע פון כוש, יונגע אונד אלטע, נאקעט אונד בארפוס, מיט אויפגעדעקטען הינטער לייב, דיא שאנד פון מצרים: 5 אונד זייא וועלען זיך דערשרעקען אונד פערשעמט ווערען פאר כוש וועיל זייא האבען אויף זייא געקוקט, אונד וועגען מצרים וועיל זייא האבען זיך מיט זייא גערימט: 6 אונד דיא בעוואוינער פון דער דאזיגער אינזעל וועלען זאגען אין דעם דאזיגען טאג, זעה אזוי האט זיך געטראפען מיט דעם אויף וועמען מיר האבען געקוקט, אוואו מיר זענען אהינגעלאפען אום הילף ניצול צו ווערען פון דעם קעניג פון אשור, אבער וויא אזוי וועלען מיר אנטרינען?

## קאפיטעל כא

1 דיא נבואה איבער דער מדבר פון דעם ים—אזוי וויא שטורמווינדען געהען איבער אין דרום־זייט, אזוי קומט עס פון דער מדבר פון א פארכטיגען לאנד: 2 א שווערע נבואה איז מיר אנגעזאגט געווארען—דער פאלשער האנדעלט פאלשקייט, אונד דער רויבער ראבעוועט, געה ארויף, עילם! בעלאגער א מדי! איך האב געמאכט אויפהערען איהר גאנצעס זיפצען: 3 דאריבער זענען מיינע לענדען פול געווארען מיט ציטערניס, ווייטאגען האבען מיך אנגעהאפט וויא דיא ווייטאג פון א געווינערין, איך בין אנידערגעבייגט געווארען פון צוהערען, איך בין דערשראקען פון צוזעהען: 4 מיין הארץ איז פערדרעהט, א שרעק האט מיך דערשראקען, דיא נאכט פון מיינע לוסטבארקייט האט ער צו מיר געמאכט צו א ציטערניס: 5 דער טיש איז געוועזען אנגעגרייט, דער וועכטער וואכט, עסט אונד טרינקט, שטעהט אויף, איהר פירשטען, בעשמירט דאס שילד: 6 וואריין אזוי האט דער האר צו מיר געזאגט,

געה

אֲדֹנָי לֵךְ הַעֲמֵד הַמְצַפֶּה אֲשֶׁר יִרְאֶה יַגִּיד׃ וְרָאָה רֶכֶב 7
צֶמֶד פָּרָשִׁים רֶכֶב חֲמוֹר רֶכֶב גָּמָל וְהִקְשִׁיב קֶשֶׁב רַב־
קָשֶׁב׃ וַיִּקְרָא אַרְיֵה עַל־מִצְפֶּה ׀ אֲדֹנָי אָנֹכִי עֹמֵד תָּמִיד 8
יוֹמָם וְעַל־מִשְׁמַרְתִּי אָנֹכִי נִצָּב כָּל־הַלֵּילוֹת׃ וְהִנֵּה־זֶה בָא 9
רֶכֶב אִישׁ צֶמֶד פָּרָשִׁים וַיַּעַן וַיֹּאמֶר נָפְלָה נָפְלָה בָּבֶל
וְכָל־פְּסִילֵי אֱלֹהֶיהָ שִׁבַּר לָאָרֶץ׃ מְדֻשָׁתִי וּבֶן־גָּרְנִי אֲשֶׁר 10
שָׁמַעְתִּי מֵאֵת יְהוָה צְבָאוֹת אֱלֹהֵי יִשְׂרָאֵל הִגַּדְתִּי לָכֶם׃
מַשָּׂא דּוּמָה אֵלַי קֹרֵא מִשֵּׂעִיר שֹׁמֵר מַה־מִּלַּיְלָה שֹׁמֵר 11
מַה־מִּלֵּיל׃ אָמַר שֹׁמֵר אָתָא בֹקֶר וְגַם־לָיְלָה אִם־תִּבְעָיוּן 12
בְּעָיוּ שֻׁבוּ אֵתָיוּ׃ מַשָּׂא בַּעְרָב בַּיַּעַר בַּעְרַב תָּלִינוּ 13
אֹרְחוֹת דְּדָנִים׃ לִקְרַאת צָמֵא הֵתָיוּ מָיִם יֹשְׁבֵי אֶרֶץ תֵּימָא 14
בְּלַחְמוֹ קִדְּמוּ נֹדֵד׃ כִּי־מִפְּנֵי חֲרָבוֹת נָדָדוּ מִפְּנֵי ׀ חֶרֶב טו
נְטוּשָׁה וּמִפְּנֵי קֶשֶׁת דְּרוּכָה וּמִפְּנֵי כֹּבֶד מִלְחָמָה׃
כִּי־כֹה אָמַר אֲדֹנָי אֵלָי בְּעוֹד שָׁנָה כִּשְׁנֵי שָׂכִיר וְכָלָה כָּל־ 16
כְּבוֹד קֵדָר׃ וּשְׁאָר מִסְפַּר־קֶשֶׁת גִּבּוֹרֵי בְנֵי־קֵדָר יִמְעָטוּ 17
כִּי יְהוָה אֱלֹהֵי־יִשְׂרָאֵל דִּבֵּר׃

## כב כב

מַשָּׂא גֵּיא חִזָּיוֹן מַה־לָּךְ אֵפוֹא כִּי־עָלִית כֻּלָּךְ לַגַּגּוֹת׃ א
תְּשֻׁאוֹת ׀ מְלֵאָה עִיר הוֹמִיָּה קִרְיָה עַלִּיזָה חֲלָלַיִךְ לֹא 2
חַלְלֵי־חֶרֶב וְלֹא מֵתֵי מִלְחָמָה׃ כָּל־קְצִינַיִךְ נָדְדוּ־יַחַד 3
מִקֶּשֶׁת אֻסָּרוּ כָּל־נִמְצָאַיִךְ אֻסְּרוּ יַחְדָּו מֵרָחוֹק בָּרָחוּ׃
עַל־כֵּן אָמַרְתִּי שְׁעוּ מִנִּי אֲמָרֵר בַּבֶּכִי אַל־תָּאִיצוּ לְנַחֲמֵנִי 4
עַל־שֹׁד בַּת־עַמִּי׃ כִּי יוֹם מְהוּמָה וּמְבוּסָה וּמְבוּכָה ה
לַאדֹנָי יְהוִה צְבָאוֹת בְּגֵי חִזָּיוֹן מְקַרְקַר קִר וְשׁוֹעַ אֶל־
הָהָר׃ וְעֵילָם נָשָׂא אַשְׁפָּה בְּרֶכֶב אָדָם פָּרָשִׁים וְקִיר 6
עֵרָה מָגֵן׃ וַיְהִי מִבְחַר־עֲמָקַיִךְ מָלְאוּ רָכֶב וְהַפָּרָשִׁים 7
שֹׁת שָׁתוּ הַשָּׁעְרָה׃ וַיְגַל אֵת מָסַךְ יְהוּדָה וַתַּבֵּט בַּיּוֹם 8
הַהוּא אֶל־נֶשֶׁק בֵּית הַיָּעַר׃ וְאֵת בְּקִיעֵי עִיר־דָּוִד רְאִיתֶם 9

געה שטעל א וואך, אז ער זאל אנזאגען וואס ער זעהט: 7 אונד ער האט געזעהען א רייטוואגען מיט א פאר רייטער, א רייטער אויף איין עזעל, א רייטער אויף א קעמעל, אונד ער וועט גאנץ גוט אונד שטארק צוהערען: 8 אונד ער האט אויסגערופען א לייב! מיין הער, איך שטעה תמיד ביי טאג אויף מיינע וואך, אונד דיא גאנצע נאכט שטעה איך אויף מיינע היטונג: 9 אונד זעה, דא קומט א רייטוואגען מיט מענער, מיט א פאר רייטער; אונד ער האט געענטפערט אונד געזאגט, בבל איז געפאלען, זיא איז געפאלען, אונד אלע געצענ־בילדער פון זיירע אפגעטער האט ער צובראכען ביז צו דער ערד: 10 מיינע געדרעשטע אונד מיין געשייערטע תבואה, וואס איך האב געהערט פון דעם האר צבאות דעם גאט פון ישראל, האב איך צו אייך אנגעזאגט: 11 דיא נבואה איבער דומה—ער רופט צו מיר אוים שעיר, דוא וועכטער, וואס איז פון דער נאכט? דוא וועכטער וואס איז פון דער נאכט? 12 דער וועכטער זאגט, דער פריה־מארגען קומט, אונד אויך דיא נאכט, ווען איהר ווילט אנפרעגען אזוי פרעגט, קומט צוריק: 13 דיא נבואה איבער דיא ערביים—אין דעם וואלד אין ערב וועט איהר איבערנעכטיגען, א איהר אורחים פון דדנים: 14 ברענגט וואסער פאר דעם דורשטיגען, דיא איינוואוינער פון דעם לאנד תימא זענען פארגעקומען מיט זייער ברויט צו דעם פערוואגעלטען: 15 ווארין וועגען דיא שווערדען זענען זייא פערוואגעלט, אונד וועגען דעם אויסגעצויגענעם שווערד, אונד וועגען דעם געשפאנטען בויגען, אונד וועגען דער שווערער מלחמה: 16 ווארין אזוי האט דער האר צו מיר געזאגט, נאך אין איין יאהר וויא דיא יאהרען פון א געדונגענעם, אזוי וועט דער גאנצער כבוד פון קדר אויפהערען: 17 אונד דיא איבריגע צאהל פון דיא שטארקע בויגענשיסערס פון דיא קינדער קדר וועלען וועניג ווערען, ווארין דער האר, דער גאט פון ישראל האט עס גערעדט:

## קאפיטעל כב

1 דיא נבואה איבער דעם טהאל פון זעהונג, וואס איז דיר אז דוא ביזט אים גאנצען ארויפגעגאנגען אויף דיא דעכער: 2 דוא וואס ביזט פול געוועזען מיט געריוש, א שטאט מיט לערם, א פריילּיכע שטאט; דיינע דערשלאגענע זענען ניט דערשלאגען מיט דעם שווערד, אונד אויך ניט געשטארבענע אין דער מלחמה: 3 אלע דיינע הארען וואס זענען צוזאמען אנטלאפען געווארען, זייא זענען געבונדען ביי דיא בויגען־שיסערס, אלע וואס זענען מיט דיר געפונען געווארען זענען צוזאמען געבונדען געווארען, דיא וואס זענען פון ווייטען אנטלאפען: 4 דארום האב איך געזאגט, קוקט אוועק פון מיר, איך וועל ביטערליך וויינען, איילט אייך ניט מיך צו טרייסטען, וועגען דיא צושטערונג פון דיא טאכטער פון מיין פאלק: 5 ווארין עס איז א טאג פון פערטימלונג אונד צוטרעטונג, אונד פערוואירונג צו דעם האר יהוה צבאות אין דעם טהאל פון זעהונג, מען לעכערט דיא טויערן, אונד (עס איז) א געשרייא צו דעם בארג: 6 אונד עלם טראגט פייל־טאשען מיט דיא רייטוועגען פון מענשען אונד רייטער, אונד קיר האט אויפגעדעקט דאס שילד: 7 אונד דיינע אויסדערוועלטע טאהלען זענען פול געווארען מיט רייטוועגען אונד דיא רייטער וועלען זיך בערייט מאכען אין דעם טויער: 8 אונד ער האט אנטפלעקט דיא דעק פון יהודה, אונד דוא האסט אן דעם דאזיגען טאג געקוקט אויף דיא וואפען וואס זענען אין דעם וואלד־הויז: 9 אונד איהר האט געזעהען דיא שפאלטען פון דוד'ס שטאט

י כִּי־רָבּוּ וַתְּקַבְּצוּ אֶת־מֵי הַבְּרֵכָה הַתַּחְתּוֹנָה׃ וְאֶת־בָּתֵּי
11 יְרוּשָׁלַ͏ִם סְפַרְתֶּם וַתִּתְצוּ הַבָּתִּים לְבַצֵּר הַחוֹמָה׃ וּמִקְוָה
עֲשִׂיתֶם בֵּין הַחֹמֹתַיִם לְמֵי הַבְּרֵכָה הַיְשָׁנָה וְלֹא הִבַּטְתֶּם
12 אֶל־עֹשֶׂיהָ וְיֹצְרָהּ מֵרָחוֹק לֹא רְאִיתֶם׃ וַיִּקְרָא אֲדֹנָי יְהוִה
צְבָאוֹת בַּיּוֹם הַהוּא לִבְכִי וּלְמִסְפֵּד וּלְקָרְחָה וְלַחֲגֹר שָׂק׃
13 וְהִנֵּה ׀ שָׂשׂוֹן וְשִׂמְחָה הָרֹג ׀ בָּקָר וְשָׁחֹט צֹאן אָכֹל בָּשָׂר
14 וְשָׁתוֹת יָיִן אָכוֹל וְשָׁתוֹ כִּי מָחָר נָמוּת׃ וְנִגְלָה בְאָזְנָי יְהוָה
צְבָאוֹת אִם־יְכֻפַּר הֶעָוֹן הַזֶּה לָכֶם עַד־תְּמֻתוּן אָמַר אֲדֹנָי
טו יְהוִה צְבָאוֹת׃ כֹּה אָמַר אֲדֹנָי יְהוִה צְבָאוֹת לֶךְ־בֹּא
16 אֶל־הַסֹּכֵן הַזֶּה עַל־שֶׁבְנָא אֲשֶׁר עַל־הַבָּיִת׃ מַה־לְּךָ פֹה
וּמִי־לְךָ פֹה כִּי־חָצַבְתָּ לְּךָ פֹּה קָבֶר חֹצְבִי מָרוֹם קִבְרוֹ
17 חֹקְקִי בַסֶּלַע מִשְׁכָּן לוֹ׃ הִנֵּה יְהוָה מְטַלְטֶלְךָ טַלְטֵלָה
18 גָּבֶר וְעֹטְךָ עָטֹה׃ צָנוֹף יִצְנָפְךָ צְנֵפָה כַּדּוּר אֶל־אֶרֶץ
רַחֲבַת יָדָיִם שָׁמָּה תָמוּת וְשָׁמָּה מַרְכְּבוֹת כְּבוֹדֶךָ קְלוֹן
19 בֵּית אֲדֹנֶיךָ׃ וַהֲדַפְתִּיךָ מִמַּצָּבֶךָ וּמִמַּעֲמָדְךָ יֶהֶרְסֶךָ׃
כ וְהָיָה בַּיּוֹם הַהוּא וְקָרָאתִי לְעַבְדִּי לְאֶלְיָקִים בֶּן־חִלְקִיָּהוּ׃
21 וְהִלְבַּשְׁתִּיו כֻּתָּנְתֶּךָ וְאַבְנֵטְךָ אֲחַזְּקֶנּוּ וּמֶמְשַׁלְתְּךָ
אֶתֵּן בְּיָדוֹ וְהָיָה לְאָב לְיוֹשֵׁב יְרוּשָׁלַ͏ִם וּלְבֵית יְהוּדָה׃
22 וְנָתַתִּי מַפְתֵּחַ בֵּית־דָּוִד עַל־שִׁכְמוֹ וּפָתַח וְאֵין סֹגֵר וְסָגַר
23 וְאֵין פֹּתֵחַ׃ וּתְקַעְתִּיו יָתֵד בְּמָקוֹם נֶאֱמָן וְהָיָה לְכִסֵּא כָבוֹד
24 לְבֵית אָבִיו׃ וְתָלוּ עָלָיו כֹּל ׀ כְּבוֹד בֵּית־אָבִיו הַצֶּאֱצָאִים
וְהַצְּפִעוֹת כֹּל כְּלֵי הַקָּטָן מִכְּלֵי הָאַגָּנוֹת וְעַד כָּל־כְּלֵי
כה הַנְּבָלִים׃ בַּיּוֹם הַהוּא נְאֻם יְהוָה צְבָאוֹת תָּמוּשׁ הַיָּתֵד
הַתְּקוּעָה בְּמָקוֹם נֶאֱמָן וְנִגְדְּעָה וְנָפְלָה וְנִכְרַת הַמַּשָּׂא אֲשֶׁר־
עָלֶיהָ כִּי יְהוָה דִּבֵּר׃

## כג

כג

א מַשָּׂא צֹר הֵילִילוּ ׀ אֳנִיּוֹת תַּרְשִׁישׁ כִּי־שֻׁדַּד מִבַּיִת מִבּוֹא

אַז זֵייא זֶענֶען פִיל, אוּנְד אִיהְר הָאט אוֹיךְ אֵיינְגֶעזַאמֶעלְט דָאס וַואסֶער פוּן דִיא אוּנְטֶערְשְׁטֶע טֵייכֶען: 10 אוּנְד אִיהְר הָאט גֶעצֶעהְלְט דִיא הֵייזֶער פוּן יְרוּשָׁלַיִם, אוּנְד אִיהְר הָאט אָפְּגֶעבְּרָאכֶען דִיא הֵייזֶער כְּדֵי צוּ שְׁטַארְקֶען דִיא מוֹיעֶר: 11 אוּנְד אִיהְר הָאט גֶעמַאכְט אַ מִקְוָה צְווִישֶׁען דִיא מוֹיעֶרְן פַאר דִיא וַואסֶער פוּן דֶעם אַלְטֶען טֵייךְ, אָבֶּער אִיהְר הָאט נִיט גֶעקוּקְט אוֹיף דֶעם וָואס הָאט עֶס גֶעמַאכְט, אוּנְד דֶעם בֶּעשֶׁעפֶער פוּן אַ לַאנְגֶע צֵייט אָן הָאט אִיהְר אוֹיךְ נִיט גֶעזֶעהֶען: 12 אוּנְד דֶער הַאר, גָאט צְבָאוֹת הָאט אִין דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען טָאג בֶּערוּפֶען צוּ וֵויינֶען אוּנְד צוּ קְלָאגֶען, אוּנְד זִיךְ קָאהְל צוּ מַאכֶען, אוּנְד זִיךְ אָנְצוּגַארְטְלֶען מִיט אַ זַאק: 13 אוּנְד זֶעה, עֶס אִיז פְרֵייד אוּנְד שִׂמְחָה, מֶען הַרְגֶעט רִינְדֶער אוּנְד שֶׁעכְט שָׁאף, מֶען עֶסְט פְלֵייש אוּנְד טְרִינְקְט וַויין, לָאמֶער עֶסֶען אוּנְד טְרִינְקֶען, וָוארִין מָארְגֶען וֶועלֶען מִיר שְׁטַארְבֶּען: 14 עֶס אִיז אָבֶּער אַנְטְפְּלֶעקְט גֶעוָוארֶען אִין מֵיינֶע אוֹירֶען פוּן דֶעם הַאר צְבָאוֹת, דָאס דִיא דָאזִיגֶע זִינְד וֶועט אֵייךְ נִיט פֶערְגֶעבֶּען וֶוערֶען בִּיז אִיהְר וֶועט שְׁטַארְבֶּען, זָאגְט דֶער הַאר, גָאט צְבָאוֹת:

15 אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר, גָאט צְבָאוֹת, גֶעה, קוּם צוּ דֶעם דָאזִיגֶען שַׁאץ־מֵייסְטֶער, צוּ שֶׁבְנָה וָואס אִיז אִיבֶּער דֶעם הוֹיז: 16 (אוּנְד זָאג) וָואס הָאסְט דוּא דָא, אוּנְד וֶועמֶען הָאסְט דוּא דָא אַז דוּא הָאסְט פַאר דִיר דָא אוֹיסְגֶעהַאקְט אַ קֶבֶר, (אַזוֹי וִויא) עֶר הָאט אוֹיסְגֶעהַאקְט זֵיין קֶבֶר אִין דֶער הֵייךְ, אוּנְד קְרִיצְט אוֹיס פַאר זִיךְ אִין דֶעם פֶעלְזֶען־שְׁטֵיין זֵיינֶע וְואוֹינוּנְג? 17 זֶעה, דֶער הַאר וֶועט דִיךְ אַוֶועקְוַוארְפֶען מִיט אַ שְׁטַארְקֶען וָוארְף, אוּנְד עֶר וֶועט דִיךְ גֶעוִוים בֶּעדֶעקֶען: 18 עֶר וֶועט דִיךְ מַאכֶען רָאלֶען וִויא אַ בַּאל רָאלְט, אִין אַ וֵוייט לַאנְד אַרֵיין פוּן בֵּיידֶע זֵייטֶען, אוּנְד דָארְט וֶועסְט דוּא שְׁטַארְבֶּען, אוּנְד דָארְט וֶועלֶען דִיא רֵייטְוֶועגֶען פוּן דֵיין כָּבוֹד זֵיין פַאר אַ שַׁאנְד צוּ דֶעם הוֹיז פוּן דֵיין הַאר: 19 אוּנְד אִיךְ וֶועל דִיךְ פֶערְשְׁטוֹיסֶען פוּן דֵיין בֶּעשְׁטַאנְד, אוּנְד פוּן דֵיינֶע שְׁטֶעל וֶועט עֶר דִיךְ אַרוּנְטֶער רֵייסֶען: 20 אוּנְד עֶס וֶועט זֵיין אִין דֶעם דָאזִיגֶען טָאג, אַזוֹי וֶועל אִיךְ רוּפֶען צוּ מֵיין קְנֶעכְט אֶלְיָקִים זוּהְן פוּן חִלְקִיָּהוּ: 21 אוּנְד אִיךְ וֶועל אִיהְם אָנְקְלֵיידֶען מִיט דֵיין הֶעמְד (אָדֶער קְלֵייד), אוּנְד מִיט דֵיין גַארְטֶעל וֶועל אִיךְ אִיהְם שְׁטַארְקֶען, אוּנְד דֵיינֶע רֶעגִירוּנְג וֶועל אִיךְ גֶעבֶּען אִין זֵיינֶע הַאנְד, אוּנְד עֶר וֶועט זֵיין אַלְס אַ פָאטֶער צוּ דִיא אֵיינְוואוֹינֶער פוּן יְרוּשָׁלַיִם אוּנְד צוּ דֶעם הוֹיז פוּן יְהוּדָה: 22 אוּנְד אִיךְ וֶועל גֶעבֶּען דֶעם שְׁלִיסֶעל פוּן דֶעם הוֹיז פוּן דָוִד אוֹיף זֵיינֶע אַקְסֶעל, אוּנְד עֶר וֶועט אוֹיפְמַאכֶען אוּנְד קֵיינֶער וֶועט צוּשְׁלִיסֶען, אוּנְד עֶר וֶועט צוּשְׁלִיסֶען אוּנְד קֵיינֶער וֶועט אוֹיפְמַאכֶען: 23 אוּנְד אִיךְ וֶועל אִיהְם פֶעסְט מַאכֶען וִויא אַ נָאגֶעל אִין אַ זִיכֶערְן אָרְט, אוּנְד עֶר וֶועט זֵיין פַאר אַ שְׁטוּהְל פוּן כָּבוֹד פַאר זֵיין פָאטֶער'ס הוֹיזְגֶעזִינְד: 24 אוּנְד זֵייא וֶועלֶען אוֹיף אִיהְם אוֹיפְהֶענְגֶען דֶעם גַאנְצֶען כָּבוֹד פוּן זֵיין פָאטֶער'ס הוֹיזְגֶעזִינְד, דִיא קִינְדֶער אוּנְד דִיא קִינְדֶער'ס קִינְדֶער, אַלֶערְלֵייא קְלֵיינֶע כֵּלִים, כֵּלִים פוּן שָׁאלֶען בִּיז צוּ אַלֶערְלֵייא קְרוּג־כֵּלִים: 25 אִין דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען טָאג זָאגְט דֶער הַאר צְבָאוֹת, וֶועט אָפְּגֶעטְהוּן וֶוערֶען דֶער נָאגֶעל וָואס אִיז פֶעסְט גֶעמַאכְט אִין דֶעם זִיכֶערְן אָרְט, אוּנְד עֶר וֶועט אָפְּגֶעהַאקְט וֶוערֶען אוּנְד אַרוּפְּפַאלֶען, אוּנְד דִיא מַשָּׂא וָואס אִיז דַארוֹיף גֶעוֶועזֶען וֶועט אָפְּגֶעשְׁנִיטֶען וֶוערֶען, וָוארִין דֶער הַאר הָאט עֶס גֶערֶעט:

קאפיטעל כג

1 דִיא נְבוּאָה אִיבֶּער צוֹר—קְלָאגְט אִיהְר שִׁיפֶען פוּן תַּרְשִׁישׁ, וָוארִין עֶס אִיז בֶּערוֹיבְּט גֶעוָוארֶען פוּן אִינֶעוֵוייניג, אַז מֶען קֶען נִיט אַרֵיינְקוּמֶען,

עם

2 מֵאֶרֶץ כִּתִּים נִגְלָה־לָמוֹ׃ דֹּמּוּ יֹשְׁבֵי אִי סֹחֵר צִידוֹן עֹבֵר
3 יָם מִלְאוּךְ׃ וּבְמַיִם רַבִּים זֶרַע שִׁחֹר קְצִיר יְאוֹר תְּבוּאָתָהּ
4 וַתְּהִי סְחַר גּוֹיִם׃ בּוֹשִׁי צִידוֹן כִּי אָמַר יָם מָעוֹז הַיָּם לֵאמֹר
לֹא־חַלְתִּי וְלֹא־יָלַדְתִּי וְלֹא גִדַּלְתִּי בַחוּרִים רוֹמַמְתִּי
ה 6 בְתוּלוֹת׃ כַּאֲשֶׁר שֵׁמַע לְמִצְרָיִם יָחִילוּ כְּשֵׁמַע צֹר׃ עִבְרוּ
7 תַּרְשִׁישָׁה הֵילִילוּ יֹשְׁבֵי אִי׃ הֲזֹאת לָכֶם עַלִּיזָה מִימֵי־קֶדֶם
8 קַדְמָתָהּ יֹבִלוּהָ רַגְלֶיהָ מֵרָחוֹק לָגוּר׃ מִי יָעַץ זֹאת עַל־צֹר
9 הַמַּעֲטִירָה אֲשֶׁר סֹחֲרֶיהָ שָׂרִים כִּנְעָנֶיהָ נִכְבַּדֵּי־אָרֶץ׃ יְהוָה
צְבָאוֹת יְעָצָהּ לְחַלֵּל גְּאוֹן כָּל־צְבִי לְהָקֵל כָּל־נִכְבַּדֵּי־
י אָרֶץ׃ עִבְרִי אַרְצֵךְ כַּיְאֹר בַּת־תַּרְשִׁישׁ אֵין מֵזַח
11 עוֹד׃ יָדוֹ נָטָה עַל־הַיָּם הִרְגִּיז מַמְלָכוֹת יְהוָה צִוָּה אֶל־
12 כְּנַעַן לַשְׁמִד מָעֻזְנֶיהָ׃ וַיֹּאמֶר לֹא־תוֹסִיפִי עוֹד לַעְלוֹז
הַמְעֻשָּׁקָה בְּתוּלַת בַּת־צִידוֹן כִּתִּים קוּמִי עֲבֹרִי גַּם־שָׁם
13 לֹא־יָנוּחַ לָךְ׃ הֵן ׀ אֶרֶץ כַּשְׂדִּים זֶה הָעָם לֹא הָיָה אַשּׁוּר
יְסָדָהּ לְצִיִּים הֵקִימוּ בַחוּנָיו עֹרְרוּ אַרְמְנוֹתֶיהָ שָׂמָהּ
14 לְמַפֵּלָה׃ הֵילִילוּ אֳנִיּוֹת תַּרְשִׁישׁ כִּי שֻׁדַּד מָעֻזְּכֶן׃
טו וְהָיָה בַּיּוֹם הַהוּא וְנִשְׁכַּחַת צֹר שִׁבְעִים שָׁנָה כִּימֵי מֶלֶךְ
16 אֶחָד מִקֵּץ שִׁבְעִים שָׁנָה יִהְיֶה לְצֹר כְּשִׁירַת הַזּוֹנָה׃ קְחִי
כִנּוֹר סֹבִּי עִיר זוֹנָה נִשְׁכָּחָה הֵיטִיבִי נַגֵּן הַרְבִּי־שִׁיר לְמַעַן
17 תִּזָּכֵרִי׃ וְהָיָה מִקֵּץ ׀ שִׁבְעִים שָׁנָה יִפְקֹד יְהוָה אֶת־צֹר
וְשָׁבָה לְאֶתְנַנָּהּ וְזָנְתָה אֶת־כָּל־מַמְלְכוֹת הָאָרֶץ עַל־פְּנֵי
18 הָאֲדָמָה׃ וְהָיָה סַחְרָהּ וְאֶתְנַנָּהּ קֹדֶשׁ לַיהוָה לֹא יֵאָצֵר
וְלֹא יֵחָסֵן כִּי לַיֹּשְׁבִים לִפְנֵי יְהוָה יִהְיֶה סַחְרָהּ לֶאֱכֹל
לְשָׂבְעָה וְלִמְכַסֶּה עָתִיק׃

## כד

כד

א הִנֵּה יְהוָה בּוֹקֵק הָאָרֶץ וּבוֹלְקָהּ וְעִוָּה פָנֶיהָ וְהֵפִיץ
2 יֹשְׁבֶיהָ׃ וְהָיָה כָעָם כַּכֹּהֵן כַּעֶבֶד כַּאדֹנָיו כַּשִּׁפְחָה כַּגְּבִרְתָּהּ

עֶס אִיז צוּ זֵייא אַנְטְפְּלֶעקְט גֶעוָוארֶען פוּן דֶעם לַאנְד כִּתִּים: 2 זֵייט שְׁטִיל אִיהְר אֵיינְוְואוֹינֶער פוּן דֶער אִינְזֶעל! דֶער סוֹחֵר פוּן צִידוֹן, וָואס פָאהְרְט אִיבֶּער דֶעם יַם הָאט דִיךְ (פְרִיהֶער) פוּל גֶעמַאכְט: 3 אוּנְד אוֹיף פִילֶע וַואסֶערְן אִיז דֶער זָאמֶען פוּן שִׁחֹר, אוּנְד דֶער שְׁנִיט פוּן דֶעם טֵייךְ אִיז גֶעוֶועזֶען אִיהְר אֵיינְקוּמֶען (תְּבוּאָה), אוּנְד זִיא אִיז גֶעוֶועזֶען דִיא הַאנְדֶעלְ'ם שְׁטָאט פוּן דִיא פֶעלְקֶער: 4 שֶׁעם דִיךְ! צִידוֹן, וָוארִין דָאס יַם הָאט גֶעזָאגְט, דִיא שְׁטַארְקֵייט פוּן דֶעם יַם הָאט גֶעזָאגְט אַזוֹי צוּ זָאגֶען, אִיךְ הָאבּ קֵיינֶע וֵוייטָאג גֶעהַאט, אוּנְד אִיךְ הָאבּ נִיט גֶעוְואוּנֶען, אוּנְד אִיךְ הָאבּ קֵיינֶע יוּנְגֶען אוּנְד נִיט אוֹיפְגֶעבְּרַאכְט קֵיינֶע יוּנְגפְרוֹיעֶן: 5 אַזוֹי וִויא מֶען הָאט גֶעהֶערְט אִיבֶּער מִצְרַיִם, אַזוֹי וֶועט צוֹר צִיטֶערְן וֶוען זֵייא וֶועלֶען עֶס הֶערֶען: 6 גֶעהְט אַרִיבֶּער קֵיין תַּרְשִׁישׁ, קְלָאגְט אִיהְר בֶּעוְואוֹינֶער פוּן דֶער אִינְזֶעל: 7 אִיז דֶען דִיא דָאזִינֶע אֵיירֶע פְרֵיילִיכֶע (שְׁטָאט) וָואס אִיהְר אָנְהֵייבּ אִיז פוּן אַלְטֶע צֵייטֶען הֶער? אִיהְרֶע אֵייגֶענֶע פִים וֶועלֶען זֵייא פִיהְרֶען פוּן וֵוייטֶען צוּ וְואוֹינֶען: 8 וֶוער הָאט דָאס בֶּערָאטֶען אִיבֶּער צוֹר דִיא גֶעקְרוֹינְטֶע (שְׁטָאט), אִיהְרֶע סוֹחְרִים זֶענֶען פִירְשְׁטֶען אוּנְד אִיהְרֶע קוֹיפְלֵייט זֶענֶען דִיא גֶעעֶהְרְטֶע פוּן דֶעם לַאנְד: 9 דֶער הַאר צְבָאוֹת הָאט עֶס בֶּערָאטֶען, דִיא גַאנְצֶע הֶערְלִיכְקֵייט צוּ שְׁוֶועכֶען, אוּנְד גְרִינְג צוּ מַאכֶען אַלֶע גֶעעֶהְרְטֶע פוּן דֶעם לַאנְד: 10 פָאהְר אִיבֶּער דֵיין לַאנְד וִויא אַ טֵייךְ דוּא טָאכְטֶער פוּן תַּרְשִׁישׁ, עֶס אִיז נִיט מֶעהְר דָא קֵיינֶע שְׁטַארְקֵייט: 11 זֵיינֶע הַאנְד אִיז אוֹיסְגֶעשְׁטְרֶעקְט אִיבֶּער דֶעם יַם, עֶר הָאט גֶעמַאכְט דִיא קֶענִיגְרֵייכֶען צִיטֶערְן, דֶער הַאר הָאט בֶּעפוֹילֶען אִיבֶּער כְּנַעַן אַז אִיהְרֶע שְׁטַארְקֶע פֶעסְטוּנְג זָאל פֶערְטִילְגְט וֶוערֶען: 12 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, דוּא זָאלְסְט נִיט מֶעהְר פְרֶעלִיךְ זֵיין דוּא בֶּערוֹיבְּטֶע יוּנְגְפְרוֹי דוּא טָאכְטֶער פוּן צִידוֹן; שְׁטֶעה אוֹיף אוּנְד גֶעה אַרִיבֶּער קֵיין כִּתִּים, אוֹיךְ דָארְטֶען וֶועסְט דוּא קֵיינֶע רוּה הָאבֶּען: 13 זֶעה אָן דָאס לַאנְד כַּשְׂדִּים, דָאס דָאזִינֶע פָאלְק אִיז נָאךְ גָארְנִיט גֶעוֶועזֶען, בִּיז אַשּׁוּר הָאט עֶס (פַאר דִיא וָואס וְואוֹינֶען) אִין דֶער וִוישְׁטֶענֵייא, זֵייא וֶועלֶען אוֹיפְשְׁטֶעלֶען זֵיירֶע פֶעסְטוּנְגֶען, זֵייא הָאבֶּען אָפְגֶעבְּרָאכֶען זֵיירֶע פַּאלַאסְטֶען, עֶר הָאט זֵייא גֶעמַאכְט צוּ אֵיינֶע אֵיינְפַאלוּנְג: 14 קְלָאגְט אִיהְר שִׁיפֶען פוּן תַּרְשִׁישׁ, וָוארִין אֵיירֶע שְׁטַארְקֵייט אִיז צוּשְׁטֶערְט: 15 אוּנְד עֶס וֶועט זֵיין אִין דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען טָאג אַזוֹי וֶועט צוֹר פֶערְגֶעסֶען וֶוערֶען זִיבְּצִיג יָאהְר, אַזוֹי וִויא דִיא טֶעג פוּן אַ קֶענִיג, אִין דֶעם עֶנְד פוּן זִיבְּצִיג יָאהְר וֶועט עֶס זֵיין צוּ צוֹר וִויא דָאס לִיד פוּן אַ זוֹנָה: 16 נֶעם דִיר אַ פִידֶעל רִינְגֶעל אַרוּם דִיא שְׁטָאט דוּא פֶערְגֶעסֶע־נֶע זוֹנָה; שְׁפִּיל גוּט, זִינְג פִיל, כְּדֵי דוּא זָאלְסְט דֶערְמַאנְט וֶוערֶען: 17 אוּנְד עֶס וֶועט זֵיין אִין דֶעם עֶנְד פוּן זִיבְּצִיג יָאהְר אַזוֹי וֶועט דֶער הַאר גֶעדֶענְקֶען אָן צוֹר, אוּנְד זִיא וֶועט צוּרִיקְקוּמֶען צוּ אִיהְר עַשִׁירוּת, אוּנְד זִיא וֶועט זִיךְ וִוידֶער מְזַנֶּה זֵיין, (הַאנְדֶעלְן) מִיט אַלֶע קֶענִיגְרֵייכֶען פוּן דֶער וֶועלְט וָואס זֶענֶען אוֹיף דֶער עֶרְד: 18 אוּנְד אִיהְר הַאנְדֶעל, אוּנְד אִיהְר עַשִׁירוּת וֶועט זֵיין הֵיילִיג צוּ דֶעם הַאר, עֶס וֶועט נִיט בֶּעהַאלְטֶען אוּנְד נִיט אַוֶועקְגֶע־לֶעגְט וֶוערֶען, נֵייעֶרְט אִיהְרֶע סְחוֹרָה וֶועט זֵיין פַאר דִיא וָואס וְואוֹינֶען פָאר דֶעם הַאר, צוּ עֶסֶען כְּדֵי זַאט צוּ וֶוערֶען, אוּנְד אוּם זִיךְ צוּ בֶּעדֶעקֶען מִיט שֶׁעהְנֶע קְלֵיידֶער:

## קאפיטעל כד

1 זֶעה, גָאט מַאכְט לֶעדִיג דִיא עֶרְד אוּנְד עֶר מַאכְט זִיא חָרוּב, אוּנְד עֶר פֶערְקְרִימְט אִיהְר פָּנִים, אוּנְד פֶערְשְׁפְּרֵייט אִיהְרֶע אֵיינְוְואוֹינֶער: 2 אוּנְד דָאס פָאלְק וֶועט זֵיין גְלֵייךְ אַזוֹי וִויא דֶער כֹּהֵן, דֶער קְנֶעכְט וֶועט זֵיין אַזוֹי וִויא זֵיין הַאר, דִיא דִינְסְט־מוֹיד וִויא אִיהְרֶע הַארִינְטֶע,

כַּקֹּנֶה כַּמּוֹכֵר כַּמַּלְוֶה כַּלֹּוֶה כַּנֹּשֶׁה כַּאֲשֶׁר נֹשֶׁא בוֹ׃
3 הִבּוֹק ׀ תִּבּוֹק הָאָרֶץ וְהִבּוֹז ׀ תִּבּוֹז כִּי יְהוָה דִּבֶּר אֶת־
4 הַדָּבָר הַזֶּה׃ אָבְלָה נָבְלָה הָאָרֶץ אֻמְלְלָה נָבְלָה תֵּבֵל
ה אֻמְלָלוּ מְרוֹם עַם־הָאָרֶץ׃ וְהָאָרֶץ חָנְפָה תַּחַת יֹשְׁבֶיהָ
6 כִּי־עָבְרוּ תוֹרֹת חָלְפוּ חֹק הֵפֵרוּ בְּרִית עוֹלָם׃ עַל־כֵּן אָלָה
אָכְלָה אֶרֶץ וַיֶּאְשְׁמוּ יֹשְׁבֵי בָהּ עַל־כֵּן חָרוּ יֹשְׁבֵי אֶרֶץ
7 וְנִשְׁאַר אֱנוֹשׁ מִזְעָר׃ אָבַל תִּירוֹשׁ אֻמְלְלָה־גָפֶן נֶאֶנְחוּ
8 כָּל־שִׂמְחֵי־לֵב׃ שָׁבַת מְשׂוֹשׂ תֻּפִּים חָדַל שְׁאוֹן עַלִּיזִים
9 שָׁבַת מְשׂוֹשׂ כִּנּוֹר׃ בַּשִּׁיר לֹא יִשְׁתּוּ־יָיִן יֵמַר שֵׁכָר לְשֹׁתָיו׃
י 11 נִשְׁבְּרָה קִרְיַת־תֹּהוּ סֻגַּר כָּל־בַּיִת מִבּוֹא׃ צְוָחָה עַל־הַיַּיִן
12 בַּחוּצוֹת עָרְבָה כָּל־שִׂמְחָה גָּלָה מְשׂוֹשׂ הָאָרֶץ׃ נִשְׁאַר
13 בָּעִיר שַׁמָּה וּשְׁאִיָּה יֻכַּת־שָׁעַר׃ כִּי כֹה יִהְיֶה בְּקֶרֶב
הָאָרֶץ בְּתוֹךְ הָעַמִּים כְּנֹקֶף זַיִת כְּעוֹלֵלֹת אִם־כָּלָה בָצִיר׃
14 טו הֵמָּה יִשְׂאוּ קוֹלָם יָרֹנּוּ בִּגְאוֹן יְהוָה צָהֲלוּ מִיָּם׃ עַל־כֵּן
בָּאֻרִים כַּבְּדוּ יְהוָה בְּאִיֵּי הַיָּם שֵׁם יְהוָה אֱלֹהֵי יִשְׂרָאֵל׃
16 מִכְּנַף הָאָרֶץ זְמִרֹת שָׁמַעְנוּ צְבִי לַצַּדִּיק וָאֹמַר
רָזִי־לִי רָזִי־לִי אוֹי לִי בֹּגְדִים בָּגָדוּ וּבֶגֶד בּוֹגְדִים בָּגָדוּ׃
17 18 פַּחַד וָפַחַת וָפָח עָלֶיךָ יוֹשֵׁב הָאָרֶץ׃ וְהָיָה הַנָּס מִקּוֹל
הַפַּחַד יִפֹּל אֶל־הַפַּחַת וְהָעוֹלֶה מִתּוֹךְ הַפַּחַת יִלָּכֵד בַּפָּח
19 כִּי־אֲרֻבּוֹת מִמָּרוֹם נִפְתָּחוּ וַיִּרְעֲשׁוּ מוֹסְדֵי אָרֶץ׃ רֹעָה
הִתְרֹעֲעָה הָאָרֶץ פּוֹר הִתְפּוֹרְרָה אֶרֶץ מוֹט הִתְמוֹטְטָה
כ אָרֶץ׃ נוֹעַ תָּנוּעַ אֶרֶץ כַּשִּׁכּוֹר וְהִתְנוֹדְדָה כַּמְּלוּנָה וְכָבַד
21 עָלֶיהָ פִּשְׁעָהּ וְנָפְלָה וְלֹא־תֹסִיף קוּם׃ וְהָיָה בַּיּוֹם הַהוּא
יִפְקֹד יְהוָה עַל־צְבָא הַמָּרוֹם בַּמָּרוֹם וְעַל־מַלְכֵי הָאֲדָמָה
22 עַל־הָאֲדָמָה׃ וְאֻסְּפוּ אֲסֵפָה אַסִּיר עַל־בּוֹר וְסֻגְּרוּ עַל־
23 מַסְגֵּר וּמֵרֹב יָמִים יִפָּקֵדוּ׃ וְחָפְרָה הַלְּבָנָה וּבוֹשָׁה

דער קויפער אזוי וויא דער פערקויפער, דער לייער וועט זיין אזוי וויא דער וואס נעמט געבארגט, דער וואס נעמט צינזען וועט זיין אזוי וויא דער וואס גיט צינזען: 3 דאס לאנד וועט אים גאנצען אויסגעלעדיגט ווערען, אונד אים גאנצען בערויבט ווערען, וואריין דער האר האט דאס דאזיגע ווארט גערעט: 4 דאס לאנד איז פערשניטען אונד פערוועלקט, דיא וועלט איז פערשניטען אונד פערוועלקט געוואָרען, דאס הויכמיטיגע פאלק פון דעם לאנד איז פערשניטען געוואָרען: 5 דיא ערד חנפת (איז שלעכט געוואָרען) אונטער איהרע בעוואוינער, וואריין זייא האבען עובר געוועזען דיא תורת, זייא האבען פערוועקסעלט דאס געזעץ, זייא האבען צושטערט דעם עביגען בונד: 6 דאריבער האט א פלוך דאס לאנד פערדארבען, אונד דיא בעוואוינער דאפון פערוויסט: דאריבער זענען דיא בעוואוינער פון דעם לאנד אויסגעדארט געוואָרען, אונד עס איז נאר וועניג מענשען איבערגעבליבען: 7 דער מאסט (וויין) איז פערדארבען, דער וויינשטאק איז פערשניטען געוואָרען, אונד אלע פרעהליכע הערצער זיפצען: 8 דיא פרייד פון דיא פויקען האט אויפגעהערט, דאס רוישען פון דיא פרעליכע (מענשען) איז פערמיטען, דיא פרייד פון דיא הארפע האט אויפגעהערט: 9 זייא וועלען ניט מעהר טרינקען וויין מיט געזאנג, דער שטארקער וויין וועט זיין ביטער צו זיינע טרינקערס: 10 דיא וויסטע שטאט איז אפגעבראָכען געוואָרען, איטליכעס הויז איז פערשלאסען כדי מען זאל ניט קענען אריינקומען: 11 עס איז א געשרייא אין דיא גאסען איבער דעם וויין, אלע שמחות זענען פערפינסטערט געוואָרען, דיא פרייד פון דעם לאנד איז פערטריבען געוואָרען: 12 אין דער שטאט איז איבערגעבליבען וויסטיגקייט, אונד דאס טויער איז געשלאגען ווערען וויסטיגקייט: 13 וואריין אזוי וועט עס זיין אין מיטען פון דעם לאנד צווישען דיא פעלקער, (עס וועט זיין) אזוי וויא מען שאקעלט דעם אייל־בערטבוים, אונד אזוי וויא מען קלויבט דיא קליינע וויינטרויבען ווען דער שניט איז געענדיגט: 14 זייא וועלען אויפהעבען זייער קול אונד וועלען זינגען, וועגען דיא שענהייט פון דעם האר וועלען זייא שאלען פון דעם ים: 15 דאריבער פערהערליכט דעם האר אין דעם פייער (אדער ליכטער), פערעהרט דעם האר אין דיא אינזעלן פון דעם ים, דעם נאמען פון דעם האר גאט פון ישראל: 16 פון עק וועלט האבען מיר געהערט דעם געזאנג, דיא הערליכקייט פון דעם צדיק, אונד איך האב געזאגט, מיינע מאגערקייט, מיינע מאגערקייט! אוי וועה צו מיר! דיא פאלשע האבען גאנץ פעלשליך געהאנדעלט מיט פאלשהייט: 17 דיא פורכט אונד דיא גרוב אונד א נעץ איז איבער דיר דוא בעוואוינער פון דעם לאנד: 18 אונד עס וועט זיין אז דער וואס אנטלויפט וועגען דעם קול פון פורכט דער וועט אריינפאלען אין דיא גרוב, אונד דער וואס וועט ארויפקומען פון דער גרוב וועט געפאנגען ווערען אין דעם נעץ, וואריין דיא פענסטער פון דעם הימעל וועלען אויפגעמאכט ווערען, אונד דיא גרונדפעסטען פון דער ערד וועלען שטורמען: 19 דיא ערד וועט אים גאנצען צובראכען ווערען; דיא ערד וועט זיך אים גאנצען צוברעקעלן; דיא ערד וועט זיך אים גאנצען בעוועגען: 20 דיא ערד וועט זיך אים גאנצען שאקעלן וויא א שכור, אונד זיא וועט פערוואגעלט ווערען וויא א נאכט־געצעלט, אונד איהרע זינד וועט דארויף (זעהר) שווער זיין, אונד זיא וועט פאלען אונד ניט מעהר קענען אויפשטעהן: 21 אונד עס וועט זיין אין דעמזעלביגען טאג דאס דער האר וועט בעשטראפען דיא חיילות פון דעם הימעל אין דעם הימעל, אונד איבער דיא מלכים פון דער ערד אויף דער ערד: 22 אונד זייא וועלען איינגעזאמעלט ווערען וויא געפאנגענע ווערען איינגעזאמעלט פון דער גרוב, אונד זייא וועלען פערשלאסען ווערען מיט א פערשליסונג, אונד נאך פילע

יאהרען

הַחַמָּה כִּי־מָלַךְ יְהוָה צְבָאוֹת בְּהַר צִיּוֹן וּבִירוּשָׁלִַם וְנֶגֶד
זְקֵנָיו כָּבוֹד׃

## כה

כה
יְהוָה אֱלֹהַי אַתָּה אֲרוֹמִמְךָ אוֹדֶה שִׁמְךָ כִּי עָשִׂיתָ פֶּלֶא א
עֵצוֹת מֵרָחוֹק אֱמוּנָה אֹמֶן׃ כִּי שַׂמְתָּ מֵעִיר לַגַּל קִרְיָה 2
בְצוּרָה לְמַפֵּלָה אַרְמוֹן זָרִים מֵעִיר לְעוֹלָם לֹא יִבָּנֶה׃ עַל־ 3
כֵּן יְכַבְּדוּךָ עַם־עָז קִרְיַת גּוֹיִם עָרִיצִים יִירָאוּךָ׃ כִּי־הָיִיתָ 4
מָעוֹז לַדָּל מָעוֹז לָאֶבְיוֹן בַּצַּר־לוֹ מַחְסֶה מִזֶּרֶם צֵל מֵחֹרֶב
כִּי רוּחַ עָרִיצִים כְּזֶרֶם קִיר׃ כְּחֹרֶב בְּצָיוֹן שְׁאוֹן זָרִים ה
תַּכְנִיעַ חֹרֶב בְּצֵל עָב זְמִיר עָרִיצִים יַעֲנֶה׃ וְעָשָׂה 6
יְהוָה צְבָאוֹת לְכָל־הָעַמִּים בָּהָר הַזֶּה מִשְׁתֵּה שְׁמָנִים
מִשְׁתֵּה שְׁמָרִים שְׁמָנִים מְמֻחָיִם שְׁמָרִים מְזֻקָּקִים׃ וּבִלַּע 7
בָּהָר הַזֶּה פְּנֵי־הַלּוֹט ׀ הַלּוֹט עַל־כָּל־הָעַמִּים וְהַמַּסֵּכָה
הַנְּסוּכָה עַל־כָּל־הַגּוֹיִם׃ בִּלַּע הַמָּוֶת לָנֶצַח וּמָחָה אֲדֹנָי 8
יְהוִה דִּמְעָה מֵעַל כָּל־פָּנִים וְחֶרְפַּת עַמּוֹ יָסִיר מֵעַל כָּל־
הָאָרֶץ כִּי יְהוָה דִּבֵּר׃ וְאָמַר בַּיּוֹם הַהוּא הִנֵּה 9
אֱלֹהֵינוּ זֶה קִוִּינוּ לוֹ וְיוֹשִׁיעֵנוּ זֶה יְהוָה קִוִּינוּ לוֹ נָגִילָה
וְנִשְׂמְחָה בִּישׁוּעָתוֹ׃ כִּי־תָנוּחַ יַד־יְהוָה בָּהָר הַזֶּה וְנָדוֹשׁ י
מוֹאָב תַּחְתָּיו כְּהִדּוֹשׁ מַתְבֵּן בְּמֵי מַדְמֵנָה׃ וּפֵרַשׂ יָדָיו 11
בְּקִרְבּוֹ כַּאֲשֶׁר יְפָרֵשׂ הַשֹּׂחֶה לִשְׂחוֹת וְהִשְׁפִּיל גַּאֲוָתוֹ עִם
אָרְבּוֹת יָדָיו׃ וּמִבְצַר מִשְׂגַּב חוֹמֹתֶיךָ הֵשַׁח הִשְׁפִּיל הִגִּיעַ 12
לָאָרֶץ עַד־עָפָר׃

## כו

כו
בַּיּוֹם הַהוּא יוּשַׁר הַשִּׁיר־הַזֶּה בְּאֶרֶץ יְהוּדָה עִיר עָז־לָנוּ א
יְשׁוּעָה יָשִׁית חוֹמוֹת וָחֵל׃ פִּתְחוּ שְׁעָרִים וְיָבֹא גוֹי־צַדִּיק 2
שֹׁמֵר אֱמֻנִים׃ יֵצֶר סָמוּךְ תִּצֹּר שָׁלוֹם ׀ שָׁלוֹם כִּי בְךָ בָּטוּחַ׃ 3
בִּטְחוּ בַיהוָה עֲדֵי־עַד כִּי בְּיָהּ יְהוָה צוּר עוֹלָמִים׃ כִּי 4 ה

יָאהְרֶען װעלֶען זַייא בֶּעשְׁטְרָאפְט װערֶען: 23 אוּנְד דִיא לְבָנָה װעט פֶּערְשֶׁעמְט װערֶען אוּנְד דִיא זוּן װעט זִיךְ שֶׁעמֶען, װָארִין דֶער הַאר צְבָאוֹת װעט רֶעגִירֶען אוֹיף דֶעם בַּארְג צִיוֹן אוּנְד אִין יְרוּשָׁלַיִם, אוּנְד פָאר זַיינֶע זְקֵנִים װעט זַיין כָּבוֹד:

## קאפיטעל כה

1 אָ הַאר! דוּא בִּיזְט מֵיין גָאט, אִיךְ װעל דִיךְ דֶערְהֵייכֶען, אִיךְ װעל לוֹיבֶּען דֵיין נָאמֶען, װָארִין דוּא הָאסְט גֶעטְהוּן װְאוּנְדֶערְלִיכֶעס, דֵיינֶע עֵצוֹת פוּן לַאנְג אָן זֶענֶען גֶעטְרֵייא אוּנְד װָארְהֵייט: 2 װָארִין דוּא הָאסְט גֶע־מַאכְט פוּן דֶער שְׁטָאט אַ הוֹיפֶען, פוּן אַ פֶּעסְטֶע שְׁטָאט אֵיינֶע אֵיינְפַאלוּנְג, אַ פַּא־לַאסְט פוּן פְרֶעמְדֶע אַז עֶס זָאל נִיט מֶעהְר זֵיין אַ שְׁטָאט, עֶס זָאל אוֹיף עֶבִּיג נִיט מֶעהְר אוֹיפְגֶעבּוֹיעט װערֶען: 3 דָארִיבֶּער װעט דִיךְ אַ שְׁטַארְקֶעס פָאלְק פֶּערְהֶערְלִי־כֶען, דִיא שְׁטָאט פוּן מֶעכְטִיגֶע פֶעלְקֶער װעלֶען פַאר דִיר מוֹרָא הָאבֶּען: 4 װָארִין דוּא בִּיזְט גֶעװעזֶען אַ שְׁטַארְקֵייט צוּ דֶעם אָרֶעמֶען, אַ שְׁטַארְקֵייט צוּ דֶעם בֶּעדִירְפְ־טִיגֶען װען עֶס אִיז אִיהְם עֶנְג גֶעװעזֶען, אַ בֶּעשִׁיצוּנְג פָאר דֶעם שְׁטוּרְם, אַ שָׁאטֶען פוּן דֶער הִיץ, װען דֶער צָארְן פוּן דִיא שְׁטַרְקֶע (רְשָׁעִים) אִיז װִיא אַ שְׁטוּרְם רֶעגֶען אוֹיף דֶער װַאנְד: 5 אַזוֹי װִיא דִיא הִיץ אִין אַ טְרוּקֶען לַאנְד אַזוֹי װעסְט דוּא אוּנְטֶערְטֶענִיג מַאכֶען דָאס גֶערוֹישׁ פוּן דִיא פְרֶעמְדֶע, אַזוֹי װִיא דִיא הִיץ דוּרְךְ דֶעם שָׁאטֶען פוּן אַ דִיקֶען װָאלְקֶען אַזוֹי װעט עֶר דֶעם גֶעזַאנְג פוּן דִיא גֶעװַאלְ־טִיגֶע אוּנְטֶערְטֶענִיג מַאכֶען: 6 אוּנְד דֶער הַאר צְבָאוֹת װעט אוֹיף דֶעם דָאזִיגֶען בַּארְג מַאכֶען פַאר אַלֶע פֶעלְקֶער אַ מָאהְלְצֵייט פוּן פֶעטֶע זַאכֶען, אַ מָאהְלְצֵייט פוּן הֵייוֶען־װֵיין פוּן פֶעטֶע זַאכֶען װִיא פוּן מַארְךְ־פֶעט, פוּן הֵייוֶען־װֵיין גוּט גֶעלֵייטֶערְט: 7 אוּנְד עֶר װעט אוֹיף דֶעם דָאזִיגֶען בַּארְג פֶערְדַארְבֶּען דִיא צוּדֶעק פוּן דֶעם פָּנִים װָאס אִיז אִיבֶּער אַלֶע פֶעלְקֶער, אוּנְד דִיא דֶעק װָאס בֶּעדֶעקְט אַלֶע פֶעלְקֶער: 8 עֶר װעט דֶעם טוֹיט אוֹיף עֶבִּיג פֶערְשְׁלִינְגֶען אוּנְד דֶער הַאר גָאט װעט אָפְּװִישֶׁען דִיא טְרֶערֶען פוּן אִיטְלִיכֶען פָּנִים, אוּנְד עֶר װעט אָפְּטְהוּן דִיא שַׁאנְד פוּן זַיין פָאלְק פוּן דֶער גַאנְצֶען עֶרְד, װָארִין דֶער הַאר הָאט עֶס גֶערֶעט: 9 אוּנְד מֶען װעט אִין דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען טָאג זָאגֶען,—זֶעה, דָאס אִיז אוּנְזֶער גָאט, מִיר הָאבֶּען גֶעהָאפְט אוֹיף אִיהְם, אוּנְד עֶר װעט אוּנְס הֶעלְפֶען, דָאס אִיז דֶער הַאר מִיר הָאבֶּען גֶעהָאפְט אוֹיף אִיהְם מִיר װעלֶען זַיין פְרֶעלִיךְ אוּנְד הָאבֶּען אַ שִׂמְחָה אִין זַיינֶע הִילְף (יְשׁוּעָה): 10 װָארִין אוֹיף דֶעם דָאזִיגֶען בַּארְג װעט דֶעם הַאר׳ס הַאנְד רוּהֶען, אוּנְד מוֹאָב װעט אוּנְטֶער אִיהְם צוּטְרֶעטֶען װערֶען װִיא שְׁטְרוֹיא װערְט צוּטְרֶעטֶען אִין אַ מִיסְט אָרְט: 11 אוּנְד עֶר װעט אוֹיסְשְׁפְּרֵייטֶען זַיינֶע הֶענְד צְװִישֶׁען זַייא, אַזוֹי װִיא אַ שְׁװִימֶער טְהוּט אוֹיסְשְׁפְּרֵייטֶען צוּ שְׁװִימֶען, אוּנְד עֶר װעט אַרוּפְּבְּרֶענְגֶען זַיינֶע גַאֲוָה צוּזַאמֶען מִיט דִיא װָאס לוֹירֶען אוֹיף זַיינֶע זֵייטֶען: 12 אוּנְד דֵיינֶע פֶעסְטֶע אוּנְד שְׁטַארְקֶע מוֹיעֶרְן װעט עֶר אֵיינְבֶּעגֶען, אוּנְד עֶר װעט זִיא מַאכֶען אַרוּפְּנִידֶערְן צוּ דֶער עֶרְד, בִּיז צוּ דֶעם שְׁטוֹיבּ:

## קאפיטעל כו

1 אִין דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען טָאג װעט דֶער דָאזִיגֶער גֶיזַאנְג גֶעזוּנְגֶען װערֶען אִין דֶעם לַאנְד יְהוּדָה—מִיר הָאבֶּען אַ שְׁטַארְקֶע שְׁטָאט, אַ הִילְף װעט עֶר מַאכֶען אַלְס מוֹיעֶרְן, אוּנְד אַלְס דִיא שַׁאנְק־מוֹיעֶרְן: 2 מַאכְט אוֹיף דִיא טוֹיעֶרְן, אַז דָאס גֶערֶעכְטֶע פָאלְק װָאס הִיט דִיא װָאהְ־הֵייטֶען זָאל אַרֵיינְקוּמֶען: 3 דוּא װעסְט דֶעם װָאס הָאט פֶעסְטֶע גֶעדַאנְקֶען בֶּעהִיטֶען מִיט אַ דָאפֶּעלְטֶען שָׁלוֹם, װֵייל עֶר פֶערְזִיכֶערְט זִיךְ אִין דִיר: 4 פֶערְזִיכֶערְט אֵייךְ אִין דֶעם הַאר גָאט, בִּיז אוֹיף עֶבִּיג, װָארִין אִין דֶעם הַאר יְהוָֹה אִיז אֵיינֶע אֵייבִּיגֶע שְׁטַארְקֵייט: 5 װָארִין

השח ישבי מרום קריה נשגבה ישפילנה ישפילה עד־
6 ארץ יגיענה עד־עפר: תרמסנה רגל רגלי עני פעמי
7 דלים: ארח לצדיק מישרים ישר מעגל צדיק תפלס:
8 אף ארח משפטיך יהוה קוינוך לשמך ולזכרך תאות־
9 נפש: נפשי אויתך בלילה אף־רוחי בקרבי אשחרך
י כי כאשר משפטיך לארץ צדק למדו ישבי תבל: יחן
רשע בל־למד צדק בארץ נכחות יעול ובל־יראה גאות
11 יהוה: יהוה רמה ידך בל־יחזיון יחזו ויבשו קנאת־
12 עם אף־אש צריך תאכלם: יהוה תשפת שלום
13 לנו כי גם כל־מעשינו פעלת לנו: יהוה אלהינו
14 בעלונו אדנים זולתך לבד־בך נזכיר שמך: מתים בל־
יחיו רפאים בל־יקמו לכן פקדת ותשמידם ותאבד כל־
טו זכר למו: יספת לגוי יהוה יספת לגוי נכבדת רחקת
16 כל־קצוי־ארץ: יהוה בצר פקדוך צקון לחש
17 מוסרך למו: כמו הרה תקריב ללדת תחיל תזעק
18 בחבליה כן היינו מפניך יהוה: הרינו חלנו כמו ילדנו
19 רוח ישועת בל־נעשה ארץ ובל־יפלו ישבי תבל: יחיו
מתיך נבלתי יקומון הקיצו ורננו שכני עפר כי טל אורת
כ טלך וארץ רפאים תפיל: לך עמי בא בחדריך
וסגר דלתיך בעדך חבי כמעט־רגע עד־יעבור־זעם:
21 כי־הנה יהוה יצא ממקומו לפקד עון ישב־הארץ עליו
וגלתה הארץ את־דמיה ולא־תכסה עוד על־הרוגיה:

## כז כז

א ביום ההוא יפקד יהוה בחרבו הקשה והגדולה והחזקה
על לויתן נחש ברח ועל לויתן נחש עקלתון והרג את־
2 התנין אשר בים: ביום ההוא כרם חמר ענו־לה:
3 אני יהוה נצרה לרגעים אשקנה פן יפקד עליה לילה

ער בעגט אַנידער דיא וואָס וואוינען אין דער הייך, דיא דערהויבענע שטאָט וועט ער מאַכען אַרונטערנידערן, ער וועט זיא אַרונטער־נידערן ביז צו דער ערד ער וועט זיא מאַכען גרייכען ביז צו דעם שטויב: 6 דער פוס וועט זיא צוטרעטען, יאָ, דיא פיס פון דיא אָרעמע, אונד דיא שריט פון דעם נויטבע־דירפטיגע: 7 דער וועג פון דעם צדיק איז אויפריכטיגקייט, אָ דו אַרעכטפערטיגער, דו וועגסט דעם וועג פון דעם צדיק: 8 מיר האָבען אויך געוואַרט אין דיא וועגען פון דיינע משפטים, דאָס גליסטען פון אונזער נפש איז צו דיין נאָמען אונד צו דיין גע־דעכטעניס: 9 מיין נפש האָט נאָך דיר גע־גלוסט ביי נאַכט, אויך מיט מיין גייסט אין מיר וועל איך דיך אין דער פריה זוכען, וואָרין ווען דיינע משפטים זענען אויף דער ערד, אַזוי וועלען דיא בעוואוינער פון דער וועלט לערנען גערעכטיגקייט: 10 ווען מען אויך טהוט חסד צו דעם רשע אַזוי וויל ער דאָך ניט לערנען גערעכטיגקייט, אין דעם רעכטפאַרטיגען לאַנד טהוט ער אומ־רעכט, אונד ער וויל ניט אָנזעהען דיא גרויסקייט (מאַיעסטעט) פון דעם האַר: 11 אָ האַר, ווען דיינע האַנד איז דערהויבען ווילען זייא ניט זעהען, אָבער זייא וועלען מוזען זעהען, אונד פערשעמט ווערען פון וועגען דער קנאה פון דעם פאָלק, אויך דאָס פייער פון דיינע בעליידיגער וועט זייא פערברענען: 12 אָ האַר, דו וועסט פאַר אונס אָנבערייטען שלום, וואָרין דו האָסט אויך אַלע אונזערע מעשים פאַר אונס געטהון: 13 אָ האַר, אונזער גאָט, אַנדערע האַרען חוץ דיר האָבען איי־בער אונס געהערשט, אָבער נור דורך דיר אַליין וועלען מיר דיין נאָמען געדענקען: 14 זייא זענען טויט, זייא זאָלען ניט לעבען, זייא זענען אָפּגעשטאָרבען, לאָזען זייא ניט אויפשטיין, דאַריבער וויל דו האָסט זייא בעשטראָפט אונד האָסט זייא פערטילגט, אונד האָסט גע־מאַכט פערלירען זייער גאַנץ געדעכטניס: 15 דו האָסט פערמעהרט דאָס פאָלק, אָ האַר, דו האָסט פערמעהרט דאָס פאָלק, אונד האָסט דיך פערהערליכט, דו האָסט דערווייטערט אַלע עקען פון דעם לאַנד: 16 אָ האַר! אין זייער צרה האָבען זייא דיך געזוכט, זייא גיסען אויס אַ שטיל געבעט ווען דיינע שטראָף איז אויף זייא: 17 אַזוי ווי אַ טראָגענדיגע וואָס איז נאָהענט צו געווינען אונד שרייט אויס אין איהרע שמערצען, אַזוי זענען מיר געוועזען פאַר דיר, אָ האַר! 18 מיר האָבען געטראָגען, מיר זענען געוועזען אין געבער־שמערצען, אָבער עס איז געוועזען גלייך ווי מיר העטען געוואונען ווינד, מיר האָבען אין דעם לאַנד קיינע הילפע ניט געטהון, אונד דיא בעוואוינער פון דער וועלט זענען אויך ניט געפאַלען: 19 דיינע טויטע וועלען לעבעדיג ווערען, (צוזאַמען) מיט מיין טויטען לייב וועלען זייא אויפשטעהן, וואַכט אויף, אונד זינגט, איהר וואָס רוהט אין דעם שטויב! וואָרין דיין טויא איז ווי דער טויא פון פלאַנצען, אונד דיא ערד וועט אַרויסוואַרפען דיא טויטע: 20 קום, אָ מיין פאָלק, אונד געה אַריין אין דיינע קאַמערן, אונד פערשליס היגטער דיר דיא טהיר, בעהאַלט דיך פאַר אַ קליינע רגע, ביז דער צאָרן וועט אַריבערגיין: 21 וואָרין, זעה, דער האַר וועט אַרויסגעהן פון זיין אָרט, צו בעשטראָפען דיא זינד פון דיא בעוואוינער פון דער ערד, אונד דיא ערד וועט אַנטפּלעקען איהר בלוט, אונד וועט ניט מעהר צודעקען איהרע דערשלאָגענע:

## קאפיטעל כז

1 אין דעמזעלביגען טאָג וועט גאָט שטראָפען מיט זיין האַרטען אונד גרויסען אונד שטאַרקען שווערד, דעם לויתן, דיא ריגעל־שלאַנג, אונד דעם לויתן דיא קרומע שלאַנג, אונד ער וועט הרגנען דעם תנין וואָס איז אין דעם ים: 2 אין דעמזעלביגען טאָג וועט מען צו איהר זינגען, אַ ווייַנגאָרטען פון רויטען וויין: 3 איך דער האַר, בין איהר היטער, איך וועל עס אַלע רגע בעוואַסערן, אַז עס זאָל עס קיינער ניט שאַדען, ביי נאַכט אונד ביי טאָג וועל

וְיוֹם אֶצְּרֶנָּה׃ חֵמָה אֵין לִי מִי־יִתְּנֵנִי שָׁמִיר שַׁיִת בַּמִּלְחָמָה 4
אֶפְשְׂעָה בָהּ אֲצִיתֶנָּה יָּחַד׃ אוֹ יַחֲזֵק בְּמָעוּזִּי יַעֲשֶׂה שָׁלוֹם ה
לִי שָׁלוֹם יַעֲשֶׂה־לִּי׃ הַבָּאִים יַשְׁרֵשׁ יַעֲקֹב יָצִיץ וּפָרַח 6
יִשְׂרָאֵל וּמָלְאוּ פְנֵי־תֵבֵל תְּנוּבָה׃ הַכְּמַכַּת מַכֵּהוּ 7
הִכָּהוּ אִם־כְּהֶרֶג הֲרֻגָיו הֹרָג׃ בְּסַאסְּאָה בְּשַׁלְחָהּ תְּרִיבֶנָּה 8
הָגָה בְּרוּחוֹ הַקָּשָׁה בְּיוֹם קָדִים׃ לָכֵן בְּזֹאת יְכֻפַּר עֲוֺן 9
יַעֲקֹב וְזֶה כָּל־פְּרִי הָסִר חַטָּאתוֹ בְּשׂוּמוֹ ׀ כָּל־אַבְנֵי מִזְבֵּחַ
כְּאַבְנֵי־גִר מְנֻפָּצוֹת לֹא־יָקֻמוּ אֲשֵׁרִים וְחַמָּנִים׃ כִּי עִיר י
בְּצוּרָה בָּדָד נָוֶה מְשֻׁלָּח וְנֶעֱזָב כַּמִּדְבָּר שָׁם יִרְעֶה עֵגֶל
וְשָׁם יִרְבָּץ וְכִלָּה סְעִפֶיהָ׃ בִּיבֹשׁ קְצִירָהּ תִּשָּׁבַרְנָה 11
נָשִׁים בָּאוֹת מְאִירוֹת אוֹתָהּ כִּי לֹא עַם־בִּינוֹת הוּא עַל־כֵּן
לֹא־יְרַחֲמֶנּוּ עֹשֵׂהוּ וְיֹצְרוֹ לֹא יְחֻנֶּנּוּ׃ וְהָיָה בַּיּוֹם 12
הַהוּא יַחְבֹּט יְהוָה מִשִּׁבֹּלֶת הַנָּהָר עַד־נַחַל מִצְרָיִם וְאַתֶּם
תְּלֻקְּטוּ לְאַחַד אֶחָד בְּנֵי יִשְׂרָאֵל׃ וְהָיָה ׀ בַּיּוֹם הַהוּא 13
יִתָּקַע בְּשׁוֹפָר גָּדוֹל וּבָאוּ הָאֹבְדִים בְּאֶרֶץ אַשּׁוּר וְהַנִּדָּחִים
בְּאֶרֶץ מִצְרָיִם וְהִשְׁתַּחֲווּ לַיהוָה בְּהַר הַקֹּדֶשׁ בִּירוּשָׁלִָם׃

## כח

כח

הוֹי עֲטֶרֶת גֵּאוּת שִׁכֹּרֵי אֶפְרַיִם וְצִיץ נֹבֵל צְבִי תִפְאַרְתּוֹ א
אֲשֶׁר עַל־רֹאשׁ גֵּיא־שְׁמָנִים הֲלוּמֵי יָיִן׃ הִנֵּה חָזָק וְאַמִּץ 2
לַאדֹנָי כְּזֶרֶם בָּרָד שַׂעַר קָטֶב כְּזֶרֶם מַיִם כַּבִּירִים שֹׁטְפִים
הִנִּיחַ לָאָרֶץ בְּיָד׃ בְּרַגְלַיִם תֵּרָמַסְנָה עֲטֶרֶת גֵּאוּת שִׁכּוֹרֵי 3
אֶפְרָיִם׃ וְהָיְתָה צִיצַת נֹבֵל צְבִי תִפְאַרְתּוֹ אֲשֶׁר עַל־רֹאשׁ 4
גֵּיא שְׁמָנִים כְּבִכּוּרָהּ בְּטֶרֶם קַיִץ אֲשֶׁר יִרְאֶה הָרֹאֶה
אוֹתָהּ בְּעוֹדָהּ בְּכַפּוֹ יִבְלָעֶנָּה׃ בַּיּוֹם הַהוּא יִהְיֶה ה
יְהוָה צְבָאוֹת לַעֲטֶרֶת צְבִי וְלִצְפִירַת תִּפְאָרָה לִשְׁאָר
עַמּוֹ׃ וּלְרוּחַ מִשְׁפָּט לַיּוֹשֵׁב עַל־הַמִּשְׁפָּט וְלִגְבוּרָה 6
מְשִׁיבֵי מִלְחָמָה שָׁעְרָה׃ וְגַם־אֵלֶּה בַּיַּיִן שָׁגוּ וּבַשֵּׁכָר תָּעוּ 7

װעל איך עס היטען׃ 4 איך האָב קיין צאָרן
אין מיר, װער װאָלט געבען אַז איך זאָל זיין
גלייך װיא דאָרנער שטאַכעלן אין דער
מלחמה? איך װאָלט מיך דורכגעצױגען
אין איהר אונד װאָלט זייא צוזאַמען פער־
ברענט׃ 5 אָדער לאָז ער אָנהאַלטען אַן
מיינע שטאַרקהייט, אַז ער זאָל מיט מיר
שלום מאַכען, ער װעט מיט מיר שלום מאַ־
כען׃ 6 ער װעט מאַכען אַז דיא װאָס קומען
אַרוים פון יעקב װעלען איינגעװאָרצעלט
װערען, אונד ישׂראל װעט בליהען אונד
מאַכען בלומען, אונד זייא װעלען דיא
װעלט פול מאַכען מיט פרוכט׃ 7 האָט ער
איהם געשלאָגען מיט דעם שלאַק פון זיינע
שלעגער? אָדער איז ער ניט געהרגת גע־
װאָרען װיא דאָס הרגענען פון זיינע הרוגים׃
8 מיט דעם מאָס, װען מען האָט זייא אַװעק־
געשיקט, װעסט דוא מיט זייא קריגען, (װען)
ער האָט אַװעקגעטהון זיין שטאַרקען װינד
אין דעם טאָג פון דעם מזרח־װינד׃ 9 דאָרום
װעט מען מיט דעם דאָזיגען מכפּר זיין דיא
זינד פון יעקב, אונד דאָס איז דיא גאַנצע
פרוכט אָפּצוטהון זיינע זינד, װען ער מאַכט
אַלע שטיינער פון דעם מזבח װיא קאַלך־
שטיינער װאָס זענען צוקלאַפּט, כדי דיא
ליַדען־ביימער אונד זונבילדער זאָלען ניט (מעהר) אויפגעשטעלט װערען׃ 10 װאָרין דיא
פעסטע שטאָט מוז אַליין בלייבען, אונד דיא װאוינונג װעט זיין פערלאָזען װיא דיא מדבר,
דאָרט װעט זיך דאָס קאַלב װיידען, אונד דאָרט װעט עס זיך לאַגערן, אונד עס װעט פער־
צעהרען איהרע צװייגען׃ 11 װען דיא צװייגען װעלען פערדאַרט װערען, אַזוי װעלען
זייא אָפּגעבראָכען װערען, װייבער װעלען קומען אונד זייא אָנצינדען, װאָרין עס איז אַ
פאָלק װאָס האָט קיין פערשטאַנד, דאָרום װעט דער װאָס האָט איהם געמאַכט זיך ניט איר־
בער איהם דערבאַרמען, אונד זיין בעשעפער װעט איהם ניט לייטזעליגען׃ 12 אונד עס
װעט זיין אין דעמזעלביגען טאָג אַזוי װעט גאָט אָפּקלאַפּען פון דעם שטראָם (פּרת) ביז צו
דעם טייך פון מצרים, אונד איהר קינדער ישׂראל װעט צוזאַמענגעקליבען װערען איינער
צו דעם אַנדערן׃ 13 אונד עס װעט זיין אין דעמזעלביגען טאָג, אַז מען װעט בלאָזען מיט
דעם גרויסען שופר, אונד עס װעלען קומען דיא װאָס זענען פערלוירען אין דעם לאַנד
אשור, אונד דיא װאָס זענען פערשטויסען אין דעם לאַנד מצרים, אונד זייא װעלען זיך
ביקען צו דעם האַר אויף דעם הייליגען באַרג אין ירושלים׃

## קאפיטעל כח

1 אוי װעה! צו דיא שטאָלצע קרוין פון דיא שכורים פון אפרים, װעמענס שענע הערליכ־
קייט איז װיא אַ פערװעלקטע בלום, װאָס איז אויף דער שפּיץ פון אַ פעטען טאָהל, װאָס
טוימעלן דורך דעם װיין׃ 2 זעה דער האַר האָט אַ שטאַרקען אונד מעכטיגען װינד, װיא אַ
שטורם פון האָגעל, אַזוי װיא דער שטראָם פון שטאַרקע װאַסערן װאָס פערפלייצען אַזוי
װעט ער אַנידערלעגען צו דער ערד מיט דער האַנד׃ 3 מיט דיא פיס װעט דיא שטאָלצע
קרוין פון דיא שכורים פון אפרים צוטרעטען װערען׃ 4 אונד דיא שענע הערליכקייט װאָס
איז אויף דער שפּיץ פון אַ פעטען טאָהל װעט זיין אַזוי װיא פערװעלקטע בלומען, אונד אַזוי
װיא פריהצייטיגע פרוכט איידער דער זומער קומט, װאָס װען איינער קוקט זעהט ער עס
אונד שלינגט עס איין װען עס איז נאָך אין זיינע האַנד׃ 5 אין דעמזעלביגען טאָג װעט דער
האַר צבאות זיין פאַר אַ שענע קרוין אונד פאַר אַ געצירטע הערליכקייט צו דיא איבערגע־
בליבענע פון זיין פאָלק׃ 6 אונד פאַר אַ גייסט פון משפּט צו דעם װאָס זיצט אויף דעם משפּט,
אונד צו שטאַרקייט צו דיא װאָס קעהרען צוריק דיא מלחמה צו דעם טאָהר׃ 7 אונד אויך דיזע
האָבען געאירט דורך װיין, אונד דורך שטאַרקע געטרענק זענען זייא פעראירט געװאָרען,

כהן ונביא שגו בשכר נבלעו מן־היין תעו מן־השכר שגו
8 בראה פקו פליליה: כי כל־שלחנות מלאו קיא צאה
9 בלי מקום: את־מי יורה דעה ואת־מי יבין שמועה
י גמולי מחלב עתיקי משדים: כי צו לצו צו לצו קו
11 לקו קו לקו זעיר שם זעיר שם: כי בלעגי שפה ובלשון
12 אחרת ידבר אל־העם הזה: אשר ׀ אמר אליהם זאת
המנוחה הניחו לעיף וזאת המרגעה ולא אבוא שמוע:
13 והיה להם דבר־יהוה צו לצו צו לצו קו לקו קו לקו
זעיר שם זעיר שם למען ילכו וכשלו אחור ונשברו
14 ונוקשו ונלכדו: לכן שמעו דבר־יהוה אנשי לצון
טו משלי העם הזה אשר בירושלם: כי אמרתם כרתנו
ברית את־מות ועם־שאול עשינו חזה שיט שוטף כי־
יעבר לא יבואנו כי שמנו כזב מחסנו ובשקר נסתרנו:
16 לכן כה אמר אדני יהוה הנני יסד בציון אבן אבן
17 בחן פנת יקרת מוסד מוסד המאמין לא יחיש: ושמתי
משפט לקו וצדקה למשקלת ויעה ברד מחסה כזב
18 וסתר מים ישטפו: וכפר בריתכם את־מות וחזותכם
את־שאול לא תקום שוט שוטף כי יעבר והייתם לו
19 למרמס: מדי עברו יקח אתכם כי־בבקר בבקר יעבר
כ ביום ובלילה והיה רק־זועה הבין שמועה: כי־קצר
21 המצע מהשתרע והמסכה צרה כהתכנס: כי כהר־
פרצים יקום יהוה כעמק בגבעון ירגז לעשות מעשהו
22 זר מעשהו ולעבד עבדתו נכריה עבדתו: ועתה אל־
תתלוצצו פן־יחזקו מוסריכם כי־כלה ונחרצה שמעתי
23 מאת אדני יהוה צבאות על־כל־הארץ: האזינו
24 ושמעו קולי הקשיבו ושמעו אמרתי: הכל היום יחרש
כה החרש לזרע יפתח וישדד אדמתו: הלוא אם־שוה

דער כהן אונד דער נביא האבען געאירט דורך שטארקע געטרענק, זייא זענען פער־שלונגען פון וויין, זייא זענען פעראירט דורך שטארקע געטרענק, זייא אירען זיך אין דעם אויפזעהען, זייא שטרויכלען אין דעם משפט: 8 וואריך אלע טישען זענען פול מיט אויסשפייעכץ אונד צואה, עס איז ניט דא (א ריינער) ארט: 9 וועמען זאל ער לערנען וויסענשאפט? אונד וועמען זאל ער געבען צו פערשטעהן די גוטע שמועה? דיא אפגעוויינטע פון דער מילך, אונד דיא וואס זענען אוועקגענומען פון דער ברוסט? 10 וואריך א געבאט צו געבאט, א געבאט צו געבאט, א מעסט־שנור צו א מעסט־שנור, א מעסט־שנור צו א מעסט־שנור, דא א ביסעל אונד דארט א ביסעל: 11 וואריך מיט א שטאמעלדיגע שפראך, אונד מיט איין אנדער לשון וועט ער רעדען צו דעם דאזיגען פאלק: 12 אז ער וועט צו זייא זאגען, דאס איז דיא מנוחה, מיט וועלכע ער זאל לאזען דיא מידע רוהען, אונד דאס איז דיא דערפרישונג, אבער זייא האבען עס ניט געוואלט הערען: 13 אונד דאסווארט פון דעם האר וועט צו זייא זיין, א געבאט צו א געבאט, א מעסט־שנור צו א מעסט־שנור, א מעסט־שנור צו א מעסט־שנור, דא א ביסעל אונד דארט א ביסעל, כדי זייא זאלען געהן אונד הינטער זיך געשטרויכעלט אונד צובראכען ווערען, אונד אין דעם נעץ געפאנגען ווערען: 14 דארום הערט דאס ווארט פון דעם האר, איהר שפעטער־לייט, וואס איהר געוועלטיגט איבער דעם דאזיגען פאלק וואס איז אין ירושלים: 15 ווייל איהר האט געזאגט מיר האבען כורת ברית געוועזען מיט דעם טויט, אונד מיט דעם שאול האבען מיר געמאכט א קאנטראקט, ווען דיא איבערפלייצונג וועט אריבערגיין אזוי וועט זיא ניט צו אונס אנקומען, וואריך מיר האבען געמאכט א ליגען צו אונזערע בעשיצונג, אונד אין פאלשקייט האבען מיר אונס פערבארגען: 16 דארום, אזוי זאגט דער האר גאט, זעה איך לעג אין ציון א גרונד־שטיין, א געפריפטען, א טייערן עק־שטיין, פעסט געגרינדעט, דער וואס גלייבט זאל (זיך) ניט אייגען: 17 אונד איך וועל מאכען דאס משפט צו א מעסט־שנור, אונד גערעכטיגקייט צו א געוויכט־שנור, אונד דער האגעל וועט אוועק־קעהרען דיא בעשיצונג פון ליגען, אונד דיא וואסער וועלען אוועקרייסען דיא פערבארגענים: 18 אונד אייער ברית מיט דעם טויט וועט צושטערט ווערען, אונד אייער קאנטראקט מיט דעם שאול וועט ניט בעשטעהן, ווען דיא איבערפלייצונג וועט אריבערגעהן אזוי וועט איהר צוטרעטען ווערען: 19 ווען עס וועט אריבערגעהן אזוי וועט עס אייך צונעמען, וואריך איטליכען פריה־מארגען וועט זיא איבערפאהרען, בייא טאג אונד בייא נאכט, עס וועט זיין א ציטערניס נאר צו פערשטעהן דאס געהערטע: 20 וואריך דאס בעט איז קורצער פון דעם וואס שטרעקט זיך אויס דארויף, אונד דיא צודעק איז שמעלער פון דעם וואס וויקעלט זיך איין: 21 וואריך גאט וועט אויפשטעהן אזוי וויא אויף דעם בארג פרצים, אזוי וויא אין דעם טאהל אין גבעון וועט ער צארנען, זיינע מעשים צו טהון,—זיינע פרעמדע מעשים, אונד זיינע עבודה צו טהון,—זיינע פרעמדע עבודה: 22 אונד אצונד זאלט איהר ניט מעהר שפעטען, טאמער וועלען זיך אייערע יסורים שטארקען, וואריך איך האב געהערט פון דעם האר צבאות, אז א פערלענדונג אונד א גזרה איז (אויסגעגאנגען) איבער דעם גאנצען לאנד: 23 פערנעמט עס אונד הערט צו מיין קול, פערנעמט עס אונד הערט צו מיינע רייד: 24 אקערט דען דער אקערמאן דעם גאנצען טאג צו זייען? טהוט ער דען אויפמאכען אונד צוברעקלען זיין פעלד? 25 איז דען ניט אזוי, ווען ער האט זיא

אויבען

אויבען גלייך געמאכט אזוי שטרייט ער
דארויף קימעל אונד כמון, אונד ער
לעגט ווייץ אין שורות, אונד גערשט
בעזונדערס אפגעצייכענט, אונד מאכט
דונקעל ווייץ זיינע גרענעץ: 26 וואַרין
זיין גאט שטראפט איהם נאך דעם משפט
אונד לעהרט איהם: 27 וואַרין קימעל
ווערט ניט געדרעשט מיט דעם דרעש־
האלץ, אונד כמון ווערט ניט געדרעט
מיט א ראד פון א וואגען, נייערט מיט
שטעקען ווערט קימעל אויסגעקלאפט,
אונד כמון מיט א רוט: 28 ווערט דען
ברויט (קארן) דין געשטויסען? ניין, ער
וועט עס ניט עביג דרעשען אונד טרע־
טען מיט דעם ראד פון זיין וואגען, אונד
מיט דעם רייטוואגען וועט ער עס אויך
ניט צושטויסען: 29 אויך דאס דאזיגע
איז פון דעם האר צבאות ארויסגעגאנגען,
ער איז וואונדערליך אין דער עצה אונד
איז גרויס אין זיינער אויספיהרונג:

פִּנָּה הֵפִיץ קֶצַח וְכַמֹּן יִזְרֹק וְשָׂם חִטָּה שׂוֹרָה וּשְׂעֹרָה
נִסְמָן וְכֻסֶּמֶת גְּבֻלָתוֹ׃ וְיִסְּרוֹ לַמִּשְׁפָּט אֱלֹהָיו יוֹרֶנּוּ׃ 26
כִּי לֹא בֶחָרוּץ יוּדַשׁ קֶצַח וְאוֹפַן עֲגָלָה עַל־כַּמֹּן יוּסָּב כִּי 27
בַמַּטֶּה יֵחָבֶט קֶצַח וְכַמֹּן בַּשָּׁבֶט׃ לֶחֶם יוּדָק כִּי לֹא 28
לָנֶצַח אָדוֹשׁ יְדוּשֶׁנּוּ וְהָמַם גִּלְגַּל עֶגְלָתוֹ וּפָרָשָׁיו לֹא
יְדֻקֶּנּוּ׃ גַּם־זֹאת מֵעִם יְהוָה צְבָאוֹת יָצָאָה הִפְלִא עֵצָה 29
הִגְדִּיל תּוּשִׁיָּה׃

## כט

כט

הוֹי אֲרִיאֵל אֲרִיאֵל קִרְיַת חָנָה דָוִד סְפוּ שָׁנָה עַל־שָׁנָה א
חַגִּים יִנְקֹפוּ׃ וַהֲצִיקוֹתִי לַאֲרִיאֵל וְהָיְתָה תַאֲנִיָּה וַאֲנִיָּה 2
וְהָיְתָה לִּי כַּאֲרִיאֵל׃ וְחָנִיתִי כַדּוּר עָלָיִךְ וְצַרְתִּי עָלַיִךְ 3
מֻצָּב וַהֲקִמֹתִי עָלַיִךְ מְצֻרֹת׃ וְשָׁפַלְתְּ מֵאֶרֶץ תְּדַבֵּרִי 4
וּמֵעָפָר תִּשַּׁח אִמְרָתֵךְ וְהָיָה כְּאוֹב מֵאֶרֶץ קוֹלֵךְ וּמֵעָפָר
אִמְרָתֵךְ תְּצַפְצֵף׃ וְהָיָה כְּאָבָק דַּק הֲמוֹן זָרָיִךְ וּכְמֹץ ה
עֹבֵר הֲמוֹן עָרִיצִים וְהָיָה לְפֶתַע פִּתְאֹם׃ מֵעִם יְהוָה 6
צְבָאוֹת תִּפָּקֵד בְּרַעַם וּבְרַעַשׁ וְקוֹל גָּדוֹל סוּפָה וּסְעָרָה
וְלַהַב אֵשׁ אוֹכֵלָה׃ וְהָיָה כַּחֲלוֹם חֲזוֹן לַיְלָה הֲמוֹן כָּל־ 7
הַגּוֹיִם הַצֹּבְאִים עַל־אֲרִיאֵל וְכָל־צֹבֶיהָ וּמְצֹדָתָהּ וְהַמְּצִיקִים
לָהּ׃ וְהָיָה כַּאֲשֶׁר יַחֲלֹם הָרָעֵב וְהִנֵּה אוֹכֵל וְהֵקִיץ 8
וְרֵיקָה נַפְשׁוֹ וְכַאֲשֶׁר יַחֲלֹם הַצָּמֵא וְהִנֵּה שֹׁתֶה וְהֵקִיץ
וְהִנֵּה עָיֵף וְנַפְשׁוֹ שׁוֹקֵקָה כֵּן יִהְיֶה הֲמוֹן כָּל־הַגּוֹיִם הַצֹּבְאִים
עַל־הַר צִיּוֹן׃ הִתְמַהְמְהוּ וּתְמָהוּ הִשְׁתַּעַשְׁעוּ וָשֹׁעוּ 9
שָׁכְרוּ וְלֹא־יַיִן נָעוּ וְלֹא שֵׁכָר׃ כִּי־נָסַךְ עֲלֵיכֶם יְהוָה רוּחַ י
תַּרְדֵּמָה וַיְעַצֵּם אֶת־עֵינֵיכֶם אֶת־הַנְּבִיאִים וְאֶת־רָאשֵׁיכֶם
הַחֹזִים כִּסָּה׃ וַתְּהִי לָכֶם חָזוּת הַכֹּל כְּדִבְרֵי הַסֵּפֶר 11
הֶחָתוּם אֲשֶׁר־יִתְּנוּ אֹתוֹ אֶל־יוֹדֵעַ הַסֵּפֶר לֵאמֹר קְרָא־נָא
זֶה וְאָמַר לֹא אוּכַל כִּי חָתוּם הוּא׃ וְנִתַּן הַסֵּפֶר עַל אֲשֶׁר 12

## קאפיטעל כט

1 אוי וועה! אריאל, אריאל, דיא שטאט
אין וועלכע דוד האט געוואוינט, (איהר)
מעהרט יאהר צו יאהר, איירע ימים טובים
מעגען זיך דרייען: 2 דאך וועל איך
אריאל בעדרענגען, אונד זיא וועט זיין צו א קלאג, אונד דיא קלאג וועט צו מיר זיין
אזוי וויא אריאל: 3 אונד איך וועל מיך בעלאגערן רינגס ארום קעגען דיר, אונד איך
וועל דיך ארומרינגעלן מיט (מיליטער) אויפשטעלונג, אונד איך וועל קעגען דיר
אויפריכטען פעסטונגען: 4 אונד דוא וועסט דערנידערט ווערען, אונד אויס דער ערד
וועסט דוא רעדען, אונד דיינע שפראכע וועט פון דעם שטויב שטיל ארויסרעדען,
אונד דיין קול וועט זיין אזוי וויא פון א מכשף אויס דער ערד, אונד דיינע שפראכע
וועט (אויס) דעם שטויב פיפשען: 5 אבער דיא מאסע פון דיינע פיינד וועט זיין אזוי
וויא דער דינער שטויב, אונד דיא מאסע פון דיא געוואלטיגע וויא דיא פלאווע וואס
געהט פאריבער, אונד דאס וועט פלוצלינג געשעהען: 6 פון דעם האר צבאות וועסט
דוא בעשטראפט ווערען מיט א שטורם אונד מיט רעש אונד א גרויס קול, מיט א
שטורמווינד אונד א ברענענדיגע פייער־פלאם: 7 אונד עס וועט זיין אזוי וויא א חלום
וואס מען זעהט בייא נאכט, אזוי וועט זיין דיא מאסע פון אלע פעלקער וואס שטע־
לען זיך צו מלחמה קעגען אריאל, אונד אלע איהרע מיליטער אויפשטעלונג אונד
איהרע פעסטונגען, אונד דיא וואס בעדרענגען זיא: 8 אונד עס וועט זיין אזוי וויא א
הונגעריגער חלומט אז ער עסט, אונד ווען ער וואכט אויף איז זיין נפש לעדיג, אונד
אזוי וויא א דורשטיגער חלומט אז ער טרינקט, אונד ווען ער וואכט אויף איז ער
פערשמאכט אונד זיין נפש איז מיד, אזוי וועט זיין דיא מאסע פון אלע פעלקער וואס
וועלען שארען־וויים קומען קעגען דעם בארג ציון: 9 פערזוימט אייך, אונד
פערוואונדערט אייך, שרייעט אויס א געשרייא, זייא אנגע׳שיכורט אבער ניט פון
וויין, זייא שאקעלן זיך, אבער ניט פון שטארקע געטרענק: 10 וואַרין גאט האט
איבער אייך אויסגעגאסען א גייסט פון טיפען שלאף, אונד ער האט צוגעהאלטען
איירע אויגען, דיא נביאים אונד איירע הויפט זעהערס האט ער צוגעדעקט: 11 אונד
דיא גאנצע נבואה איז צו אייך געוואָרען וויא דיא ווערטער פון א פערזי־
געלטען ספר וואס ווען מען געט עס צו דעם וואס פערשטעהט א ספר, אונד
מען זאגט צו איהם, איך בעט דיך לייען דאך דאס, אבער ער זאגט, איך קען
ניט, וויל עס איז פערחתמת: 12 אונד מען געט דאס ספר צו דעם וואס

לֹא־יָדַע סֵפֶר לֵאמֹר קְרָא נָא־זֶה וְאָמַר לֹא יָדַעְתִּי סֵפֶר׃
13 וַיֹּאמֶר אֲדֹנָי יַעַן כִּי נִגַּשׁ הָעָם הַזֶּה בְּפִיו וּבִשְׂפָתָיו
כִּבְּדוּנִי וְלִבּוֹ רִחַק מִמֶּנִּי וַתְּהִי יִרְאָתָם אֹתִי מִצְוַת אֲנָשִׁים
14 מְלֻמָּדָה׃ לָכֵן הִנְנִי יוֹסִף לְהַפְלִיא אֶת־הָעָם־הַזֶּה הַפְלֵא
וָפֶלֶא וְאָבְדָה חָכְמַת חֲכָמָיו וּבִינַת נְבֹנָיו תִּסְתַּתָּר׃
טו הוֹי הַמַּעֲמִיקִים מֵיהוָה לַסְתִּר עֵצָה וְהָיָה בְמַחְשָׁךְ
16 מַעֲשֵׂיהֶם וַיֹּאמְרוּ מִי רֹאֵנוּ וּמִי יֹדְעֵנוּ׃ הַפְכְּכֶם אִם־
כְּחֹמֶר הַיֹּצֵר יֵחָשֵׁב כִּי־יֹאמַר מַעֲשֶׂה לְעֹשֵׂהוּ לֹא עָשָׂנִי
17 וְיֵצֶר אָמַר לְיֹצְרוֹ לֹא הֵבִין׃ הֲלוֹא־עוֹד מְעַט מִזְעָר וְשָׁב
18 לְבָנוֹן לַכַּרְמֶל וְהַכַּרְמֶל לַיַּעַר יֵחָשֵׁב׃ וְשָׁמְעוּ בַיּוֹם־
הַהוּא הַחֵרְשִׁים דִּבְרֵי־סֵפֶר וּמֵאֹפֶל וּמֵחֹשֶׁךְ עֵינֵי עִוְרִים
19 תִּרְאֶינָה׃ וְיָסְפוּ עֲנָוִים בַּיהוָה שִׂמְחָה וְאֶבְיוֹנֵי אָדָם
כ בִּקְדוֹשׁ יִשְׂרָאֵל יָגִילוּ׃ כִּי־אָפֵס עָרִיץ וְכָלָה לֵץ וְנִכְרְתוּ
21 כָּל־שֹׁקְדֵי אָוֶן׃ מַחֲטִיאֵי אָדָם בְּדָבָר וְלַמּוֹכִיחַ בַּשַּׁעַר
22 יְקֹשׁוּן וַיַּטּוּ בַתֹּהוּ צַדִּיק׃ לָכֵן כֹּה־אָמַר יְהוָה אֶל־
בֵּית יַעֲקֹב אֲשֶׁר פָּדָה אֶת־אַבְרָהָם לֹא־עַתָּה יֵבוֹשׁ יַעֲקֹב
23 וְלֹא עַתָּה פָּנָיו יֶחֱוָרוּ׃ כִּי בִרְאֹתוֹ יְלָדָיו מַעֲשֵׂה יָדַי
בְּקִרְבּוֹ יַקְדִּישׁוּ שְׁמִי וְהִקְדִּישׁוּ אֶת־קְדוֹשׁ יַעֲקֹב וְאֶת־
24 אֱלֹהֵי יִשְׂרָאֵל יַעֲרִיצוּ׃ וְיָדְעוּ תֹעֵי־רוּחַ בִּינָה וְרוֹגְנִים
יִלְמְדוּ־לֶקַח׃

## ל ל

א הוֹי בָּנִים סוֹרְרִים נְאֻם־יְהוָה לַעֲשׂוֹת עֵצָה וְלֹא מִנִּי וְלִנְסֹךְ
מַסֵּכָה וְלֹא רוּחִי לְמַעַן סְפוֹת חַטָּאת עַל־חַטָּאת׃
2 הַהֹלְכִים לָרֶדֶת מִצְרַיִם וּפִי לֹא שָׁאָלוּ לָעוֹז בְּמָעוֹז
3 פַּרְעֹה וְלַחְסוֹת בְּצֵל מִצְרָיִם׃ וְהָיָה לָכֶם מָעוֹז פַּרְעֹה
4 לְבֹשֶׁת וְהֶחָסוּת בְּצֵל־מִצְרַיִם לִכְלִמָּה׃ כִּי־הָיוּ בְצֹעַן
ה שָׂרָיו וּמַלְאָכָיו חָנֵס יַגִּיעוּ׃ כֹּל הִבְאִישׁ עַל־עַם לֹא־

פערשטעהט ניט קיין ספר אונד מען זאגט, איך בעט דיך לייען דאך דאס, אבער ער זאגט איך פערשטעה ניט קיין ספר: 13 אונד דער האר האט געזאגט, דארום, ווייל דאס דאזיגע פאלק גענעהגט זיך צו מיר מיט זייער מויל, אונד מיט זייערע ליפען האלטען זייא מיך בכבוד, אבער זייער הארץ האבען זייא דערווייטערט פון מיר, אונד זייערע מורא פאר מיר איז איין אויסגעלערנטעס געבאט פון מענשען: 14 דאריבער זעה, איך וועל פערמעהרען א וואונדערליכע זאך מיט דעם דאזיגען פאלק, א וואונדער אויף א וואונדער—ווארין דיא חכמה פון זיינע חכמים וועט פערלוירען ווערען, אונד דער פערשטאנד פון זיינע פערשטענדיגע וועט פערבארגען זיין: 15 אוי וועה! וואס זוכען טיף צו פערבארגען זייערע עצה פון גאט, אונד זייערע מעשים ווערען געטהון אין דעם פינסטערן, אונד זייא זאגען, ווער זעהט עס? אונד ווער ווייסט עס? 16 אייערע פערקעהרונגען וועט גערעכענט ווערען וויא דעם טעפער׳ס ליים, קען דען דיא מעשה זאגען אויף זיין בעשעפער ער האט מיך ניט געמאכט? אדער קען דאס בעשעפעניס זאגען צו זיין בעשעפער, ער פערשטעהט ניט? 17 איז עס ניט אין א קליינע צייט אזוי וועט דער לבנון אומקעהרען צו א פרוכטבארעס פעלד, אונד א פרוכטבארעס פעלד וועט געאכטעט ווערען וויא א וואלד? 18 אונד אין דעם דאזיגען טאג וועלען דיא טויבע הערען דיא ווערטער פון דעם ספר, אונד פון דער דונקעלהייט אונד פינסטערניס וועלען דיא אויגען פון דיא בלינדע זעהען: 19 אונד דיא דעמיטיגע וועלען מעהרען איהרע שמחה אין דעם האר, אונד דיא נויטבעדירפטיגע מענשען וועלען זיך פרייען אין דעם הייליגען פון ישראל: 20 ווארין דיא געוואלטיגע האבען אויפגעהערט, אונד דער שפעטער איז פערלענט געווארען, אונד איטליכער וואס איילט אומרעכט צו טהון וועט פערשניטען ווערען: 21 דיא וואס מאכען א מענש זינדיגען מיט א ווארט, אונד וואס מאכען א שטרויכלונג פאר דעם וואס שטראפט אין דעם טויער, אונד דיא וואס נייגען אפ מיט פאלשע זאכען דעם צדיק: 22 דארום אזוי זאגט דער האר צו דעם הויזגעזינד פון יעקב, דער וואס האט אויסגעלעזט אברהם, אצונד וועט זיך יעקב ניט שעמען, אונד אצונד וועט זיין פנים ניט בלייך ווערען: 23 ווארין ווען ער וועט זעהען זיינע קינדער דאס ווערק פון מיינע הענד צווישען זיך, אזוי וועלען זייא הייליגען מיין נאמען, אונד זייא וועלען הייליגען דעם הייליגען (גאט) פון יעקב, אונד זייא וועלען פארכטען דעם גאט פון ישראל: 24 אונד אויך דיא וואס זענען פעראירט געוועזען אין דעם גייסט, דיא וועלען קומען צו פערשטאנד, אונד דיא וואס האבען געמורמעלט וועלען מקבל זיין א לערנונג:

## קאפיטעל ל

1 אוי וועה! צו דיא קינדער וואס טהון אפקעהרען זאגט דער האר, צו טהון איין עצה אבער ניט פון מיר, אונד וואס בעדעקען זיך מיט א דעק, אבער ניט דורך מיין גייסט, כדי זייא זאלען פערמעהרען זינד איבער זינד: 2 וואס געהען ארופצונידערן קיין מצרים, אבער מיך האבען זייא ניט אנגעפרעגט אום זיך צו שטארקען אין דיא שטארקייט פון פרעה אונד זיך צו בעשיצען אין דעם שאטען פון מצרים: 3 אבער דיא שטארקייט פון פרעה וועט צו אייך זיין א בושה, אונד אייערע בעשיצונג אין דעם שאטען פון מצרים צו א שאנד: 4 ווארין זיינע הארען זענען געוועזען אין צוען, אונד זיינע שלוחים זענען אין חנס אנגעקומען: 5 זייא האבען זיך אלע פערשעמט וועגען דעם פאלק וואס האט זייא

יוֹעִילוּ לָמוֹ לֹא לְעֵזֶר וְלֹא לְהוֹעִיל כִּי לְבֹשֶׁת וְגַם־לְחֶרְפָּה׃
6 מַשָּׂא בַּהֲמוֹת נֶגֶב בְּאֶרֶץ צָרָה וְצוּקָה לָבִיא וָלַיִשׁ
מֵהֶם אֶפְעֶה וְשָׂרָף מְעוֹפֵף יִשְׂאוּ עַל־כֶּתֶף עֲיָרִים חֵילֵהֶם
7 וְעַל־דַּבֶּשֶׁת גְּמַלִּים אוֹצְרֹתָם עַל־עַם לֹא יוֹעִילוּ׃ וּמִצְרַיִם
הֶבֶל וָרִיק יַעְזֹרוּ לָכֵן קָרָאתִי לָזֹאת רַהַב הֵם שָׁבֶת׃
8 עַתָּה בּוֹא כָתְבָהּ עַל־לוּחַ אִתָּם וְעַל־סֵפֶר חֻקָּהּ וּתְהִי
9 לְיוֹם אַחֲרוֹן לָעַד עַד־עוֹלָם׃ כִּי עַם מְרִי הוּא בָּנִים כֶּחָשִׁים
10 בָּנִים לֹא־אָבוּ שְׁמוֹעַ תּוֹרַת יְהוָה׃ אֲשֶׁר אָמְרוּ לָרֹאִים
לֹא תִרְאוּ וְלַחֹזִים לֹא־תֶחֱזוּ־לָנוּ נְכֹחוֹת דַּבְּרוּ־לָנוּ חֲלָקוֹת
11 חֲזוּ מַהֲתַלּוֹת׃ סוּרוּ מִנֵּי־דֶרֶךְ הַטּוּ מִנֵּי־אֹרַח הַשְׁבִּיתוּ
12 מִפָּנֵינוּ אֶת־קְדוֹשׁ יִשְׂרָאֵל׃ לָכֵן כֹּה אָמַר קְדוֹשׁ יִשְׂרָאֵל
יַעַן מָאָסְכֶם בַּדָּבָר הַזֶּה וַתִּבְטְחוּ בְּעֹשֶׁק וְנָלוֹז וַתִּשָּׁעֲנוּ
13 עָלָיו׃ לָכֵן יִהְיֶה לָכֶם הֶעָוֹן הַזֶּה כְּפֶרֶץ נֹפֵל נִבְעֶה בְּחוֹמָה
14 נִשְׂגָּבָה אֲשֶׁר־פִּתְאֹם לְפֶתַע יָבוֹא שִׁבְרָהּ׃ וּשְׁבָרָהּ כְּשֵׁבֶר
נֵבֶל יוֹצְרִים כָּתוּת לֹא יַחְמֹל וְלֹא־יִמָּצֵא בִמְכִתָּתוֹ חֶרֶשׂ
15 לַחְתּוֹת אֵשׁ מִיָּקוּד וְלַחְשֹׂף מַיִם מִגֶּבֶא׃ כִּי כֹה־
אָמַר אֲדֹנָי יְהוִה קְדוֹשׁ יִשְׂרָאֵל בְּשׁוּבָה וָנַחַת תִּוָּשֵׁעוּן
16 בְּהַשְׁקֵט וּבְבִטְחָה תִּהְיֶה גְּבוּרַתְכֶם וְלֹא אֲבִיתֶם׃ וַתֹּאמְרוּ
לֹא־כִי עַל־סוּס נָנוּס עַל־כֵּן תְּנוּסוּן וְעַל־קַל נִרְכָּב עַל־כֵּן
17 יִקַּלּוּ רֹדְפֵיכֶם׃ אֶלֶף אֶחָד מִפְּנֵי גַּעֲרַת אֶחָד מִפְּנֵי גַּעֲרַת
חֲמִשָּׁה תָּנֻסוּ עַד אִם־נוֹתַרְתֶּם כַּתֹּרֶן עַל־רֹאשׁ הָהָר וְכַנֵּס
18 עַל־הַגִּבְעָה׃ וְלָכֵן יְחַכֶּה יְהוָה לַחֲנַנְכֶם וְלָכֵן יָרוּם
לְרַחֶמְכֶם כִּי־אֱלֹהֵי מִשְׁפָּט יְהוָה אַשְׁרֵי כָּל־חוֹכֵי לוֹ׃
19 כִּי־עַם בְּצִיּוֹן יֵשֵׁב בִּירוּשָׁלִָם בָּכוֹ לֹא־תִבְכֶּה חָנוֹן
20 יָחְנְךָ לְקוֹל זַעֲקֶךָ כְּשָׁמְעָתוֹ עָנָךְ׃ וְנָתַן לָכֶם אֲדֹנָי לֶחֶם
צָר וּמַיִם לָחַץ וְלֹא־יִכָּנֵף עוֹד מוֹרֶיךָ וְהָיוּ עֵינֶיךָ רֹאוֹת
21 אֶת־מוֹרֶיךָ׃ וְאָזְנֶיךָ תִּשְׁמַעְנָה דָבָר מֵאַחֲרֶיךָ לֵאמֹר זֶה

גארניט גענוצט, ניט צו א הילף אונד צו קיין נוצען, נייערט זייא זענען געוועזען צו א בושה אונד צו א חרפה׃ 6 דיא נבואה איבער בהמות אין דרום־זייט, אין א לאנד פון צרה אונד ענגשאפט, פון וואו דיא אלטע אונד יונגע לייבען קומען, דיא אטער־שלאנג אונד ברענענדיגע פליהענדע שלאנג, זייא וועלען טראגען זייער פערמעגען אויף דיא אקסעלן פון יונגע עזעל, אונד זייערע אוצרות אויף דיא הארבעס (הויקערן) פון דיא קעמעל צו א פאלק וואס ניצט זייא גארניט׃ 7 וואָרין דיא הילף פון מצרים איז הבל אונד לערהייט, דארום האב איך דאס דאזיגע גערופען זייערע שטארקייט איז שטיל צו זיצען׃ 8 אצונד קום שרייב עס אויף פאר זייא אויף א טאוועל, אונד צייכען עס אויף אין א בוך, אז עס זאל זיין פאר דעם לעצטען טאג, ביז אויף אימער אונד עביג׃ 9 ווארין דאס איז א ווידערשפעניג פאלק, קינדער וואס זענען ליגנערס, קינדער וואס ווילען ניט הערען דיא תורה פון דעם האר׃ 10 וואס זאגען צו דיא זעהערס, איהר זאלט ניט זעהען, אונד צו דיא נביאים איהר זאלט אונס קיין רעכטע נבואות ניט זאגען, (נייערט) רעט צו אונס גלאטע זאכען, זאגט שפעטעריגע נבואות׃ 11 קעהרט אונס אפ פון דעם וועג, נייגט אונס אפ פון דעם שטעג, מאכט אז דער היילִיגער פון ישראל זאל פון אונס אויפהערען׃ 12 דארום, אזוי זאגט דער היילִיגער פון ישראל, ווייל איהר האט פעראכטעט דאס דאזיגע ווארט, אונד איהר האט פערטרויעט אויף רויבערייא אונד פערקרימטעס, אונד איהר האט אייך אויף איהם אנגעלעהנט׃ 13 דאריבער וועט דיא דאזיגע זינד צו אייך זיין אזוי וויא א בראך אין א הויכע מויער וואס איז בערייט צו פאלען, וואס דער בראך דאפון קומט אן גאנץ פלוצלינג׃ 14 אונד איהר בראך וועט זיין אזוי וויא דער בראך פון א טעפערס לאגעל וואס איז צושטויסען אין שטיקלעך אהן דערבארמען, אזוי אז עס זאל ניט דאפון געפונען ווערען א שארבען וואס מען קען מיט איהם ארויסשארען פייער פון דעם בראנד, אדער אנצושעפען וואסער פון א גרוב׃ 15 וואָרין אזוי זאגט דער האר גאט דער היילִיגער פון ישראל, דורך תשובה טהון אונד מיט נחת וועט איהר געהאלפען ווערען, מיט שטילקייט אונד זיכערהייט וועט זיין אייערע שטארקייט, אבער איהר האט ניט געוואלט׃ 16 אונד איהר האט געזאגט, ניין! נייערט מיר וועלען אנטלויפען אויף פערד, דארום וועט איהר מוזען אנטלויפען, אונד אויף פלינקע (אדער לייכטע פערד) וועלען מיר רייטען, דארום וועלען זייא אייך אויף פלינקע (פערד) נאכיאגען׃ 17 א טויזענד פון אייך וועלען אנטלויפען פאר דעם געשרייא פון איינעם, אונד פאר דעם געשרייא פון פינף וועט איהר (אלע) אנטלויפען, ביז איהר וועט איבערבלייבען וויא א שטאנג אויף א שפיץ־בארג אונד וויא א פאהן אויף דער הייך׃ 18 אונד דארום וועט דער האר ווארטען אז ער זאל אייך לייטזעליגען, אונד דארום וועט ער זיך דערהייכען אז ער זאל זיך איבער אייך דערבארמען, וואָרין דער האר איז א גאט פון משפט, געבענשט זענען אלע וואס האפען אויף איהם׃ 19 וואָרין דאס פאלק וואס וועט איבערבלייבען אין ציון וועט וואוינען אין ירושלים, דוא וועסט ניט מעהר וויינען, ער וועט זיך געוויס דערבארמען איבער דעם קול פון דיין געשרייא, ווען ער וועט עס הערען אזוי וועט ער דיר ענטפערן׃ 20 אונד דער האר וועט צו אייך געבען ברויט פון נויט (בעדרענגניס) אונד וואסער פון נויט (אונטערדריקונג), אונד דיינע לעהרער וועלען ניט מעהר פון דיר בעהאלטען זיין, נייערט דיינע אויגען וועלען זעהען דיינע לעהרערס׃ 21 אונד דיינע אויערען וועלען הערען א ווארט הינטער דיר זאגען, דאס

22 וְטִמֵּאתֶם אֶת־
צִפּוּי פְּסִילֵי כַסְפֶּךָ וְאֶת־אֲפֻדַּת מַסֵּכַת זְהָבֶךָ תִּזְרֵם כְּמוֹ
23 דָוָה צֵא תֹּאמַר לוֹ׃ וְנָתַן מְטַר זַרְעֲךָ אֲשֶׁר־תִּזְרַע אֶת־
הָאֲדָמָה וְלֶחֶם תְּבוּאַת הָאֲדָמָה וְהָיָה דָשֵׁן וְשָׁמֵן יִרְעֶה
24 מִקְנֶיךָ בַּיּוֹם הַהוּא כַּר נִרְחָב׃ וְהָאֲלָפִים וְהָעֲיָרִים עֹבְדֵי
הָאֲדָמָה בְּלִיל חָמִיץ יֹאכֵלוּ אֲשֶׁר־זֹרֶה בָרַחַת וּבַמִּזְרֶה׃
כה וְהָיָה ׀ עַל־כָּל־הַר גָּבֹהַ וְעַל כָּל־גִּבְעָה נִשָּׂאָה פְּלָגִים
26 יִבְלֵי־מָיִם בְּיוֹם הֶרֶג רָב בִּנְפֹל מִגְדָּלִים׃ וְהָיָה אוֹר־
הַלְּבָנָה כְּאוֹר הַחַמָּה וְאוֹר הַחַמָּה יִהְיֶה שִׁבְעָתַיִם כְּאוֹר
שִׁבְעַת הַיָּמִים בְּיוֹם חֲבֹשׁ יְהוָה אֶת־שֶׁבֶר עַמּוֹ וּמַחַץ
27 מַכָּתוֹ יִרְפָּא׃ הִנֵּה שֵׁם־יְהוָה בָּא מִמֶּרְחָק בֹּעֵר
אַפּוֹ וְכֹבֶד מַשָּׂאָה שְׂפָתָיו מָלְאוּ זַעַם וּלְשׁוֹנוֹ כְּאֵשׁ אֹכָלֶת׃
28 וְרוּחוֹ כְּנַחַל שׁוֹטֵף עַד־צַוָּאר יֶחֱצֶה לַהֲנָפָה גוֹיִם בְּנָפַת
29 שָׁוְא וְרֶסֶן מַתְעֶה עַל לְחָיֵי עַמִּים׃ הַשִּׁיר יִהְיֶה לָכֶם
כְּלֵיל הִתְקַדֶּשׁ־חָג וְשִׂמְחַת לֵבָב כַּהוֹלֵךְ בֶּחָלִיל לָבוֹא
ל בְהַר־יְהוָה אֶל־צוּר יִשְׂרָאֵל׃ וְהִשְׁמִיעַ יְהוָה אֶת־הוֹד
קוֹלוֹ וְנַחַת זְרוֹעוֹ יַרְאֶה בְּזַעַף אַף וְלַהַב אֵשׁ אוֹכֵלָה נֶפֶץ
31 וָזֶרֶם וְאֶבֶן בָּרָד׃ כִּי־מִקּוֹל יְהוָה יֵחַת אַשּׁוּר בַּשֵּׁבֶט יַכֶּה׃
32 וְהָיָה כֹּל מַעֲבַר מַטֵּה מוּסָדָה אֲשֶׁר יָנִיחַ יְהוָה עָלָיו
33 בְּתֻפִּים וּבְכִנֹּרוֹת וּבְמִלְחֲמוֹת תְּנוּפָה נִלְחַם־בָּהּ׃ כִּי־
עָרוּךְ מֵאֶתְמוּל תָּפְתֶּה גַּם־הוּא לַמֶּלֶךְ הוּכָן הֶעְמִיק הִרְחִב
מְדֻרָתָהּ אֵשׁ וְעֵצִים הַרְבֵּה נִשְׁמַת יְהוָה כְּנַחַל גָּפְרִית
בֹּעֲרָה בָּהּ׃

## לא

לא
א הוֹי הַיֹּרְדִים מִצְרַיִם לְעֶזְרָה עַל־סוּסִים יִשָּׁעֵנוּ וַיִּבְטְחוּ עַל־
רֶכֶב כִּי רָב וְעַל פָּרָשִׁים כִּי־עָצְמוּ מְאֹד וְלֹא שָׁעוּ עַל־
2 קְדוֹשׁ יִשְׂרָאֵל וְאֶת־יְהוָה לֹא דָרָשׁוּ׃ וְגַם־הוּא חָכָם וַיָּבֵא

דָאס איז דֶער וֶועג גֶעהְט דַארִין, וֶוען אִיהְר וֶועט אַייךְ קֶעהְרֶען רֶעכְטְס אָדֶער לִינְקְס: 22 אוּנְד אִיהְר וֶועט הַאלְטֶען פַאר טָמֵא דִיא צוּדֶעק פוּן דִיא זִילְבֶּערְנֶע גֶע־צֶענְבִּילְדֶער, אוּנְד דִיא אָנְגַארְטוּנְג פוּן דֵיינֶע גֶעגָאסֶענֶע גָאלְדֶענֶע (בִּילְדֶער), דוּא וֶועסְט זֵייא אַוֶעקְוַוארְפֶען וִויא אַ שְׁמוּצִיגֶעם נִדָּה קְלֵייד, דוּא וֶועסְט דַאצוּ זָאגֶען גֶעה אַרוֹיס: 23 אוּנְד עֶר וֶועט גֶעבֶּען רֶעגֶען צוּ דֵיין זָאמֶען מִיט וָואס דוּא וֶועסְט זֵייעֶן דָאס לַאנְד, אוּנְד בְּרוֹיט פוּן דֶער תְּבוּאָה פוּן דֶעם לַאנְד, אוּנְד עֶס וֶועט זֵיין פֶעט וִויא בּוֹימְאֵייל, אוּנְד דֵיין פִיךְ וֶועט זִיךְ אִין דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען טָאג וֵויידֶען (פַּאשֶׁען) אוֹיף אַ בְּרֵייטֶען פְּלַאץ: 24 אוּנְד דִיא אָקְסֶען אוּנְד דִיא עֶזֶעל וָואס וֶועלֶען דָאס לַאנְד בֶּעאַרְבֵּייטֶען, וֶועלֶען עֶסֶען גוּטֶע גֶעמִישְׁטֶע תְּבוּאָה, וָואס וֶועט זֵיין גֶערֵיינִיגְט מִיט דֶער וַוארְפְשׁוֹיפֶעל אוּנְד מִיט אַ זִיבּ: 25 אוּנְד אוֹיף אִיטְלִי־כֶען הוֹיכֶען בַּארְג אוּנְד אוֹיף אִיטְלִיכֶער הֵייךְ וֶועלֶען זֵיין וַואסֶער־טֵייכְלֶעךְ, אִין דֶעם טָאג פוּן דֶער גְרוֹיסֶער הֲרֵגָה וֶוען דִיא טְהוּרְמֶען וֶועלֶען אֵיינְפַאלֶען: 26 אוּנְד דָאס לִיכְט פוּן דֶער לְבָנָה וֶועט זֵיין אַזוֹי וִויא דָאס לִיכְט פוּן דֶער זוּן, אוּנְד דָאס לִיכְט פוּן דֶער זוּן וֶועט זֵיין זִיבֶּען מָאל אַזוֹי פִיל וִויא דָאס לִיכְט פוּן זִיבֶּען טֶעג, אִין דֶעם טָאג וֶוען גָאט וֶועט פֶערְבִּינְדֶען דֶעם בְּרָאךְ פוּן זֵיין פָאלְק, אוּנְד וֶוען עֶר וֶועט הֵיילֶען דִיא ווָאוּנְד פוּן זֵיינֶע מַכָּה: 27 זֶעה, דֶער שֵׁם פוּן דֶעם הַאר קוּמְט פוּן ווֵייטֶען, זֵיין צָארְן בְּרֶענְט מִיט אַ שְׁטַארְקֶען רוֹיךְ, זֵיינֶע לִיפֶּען זֶענֶען פוּל מִיט גְרִימְצָארְן, אוּנְד זֵיינֶע צוּנְג וִויא אַ פֵייעֶר וָואס פֶערְבְּרֶענְט: 28 אוּנְד זֵיין הוֹיךְ אִיז וִויא אַ פֶערְפְלֵייצֶענְדֶער טֵייךְ וָואס גְרֵייכְט בִּיז צוּ דֶעם הַאלְז, כְּדֵי צוּ זִיבֶּען מִיט אַ פַאלְשֶׁע זִיבּ, אוּנְד עֶס וֶועט זֵיין אוֹיף דִיא קִינְבַּאקֶען פוּן דִיא פֶעלְקֶער אַ צוֹים וָואס מַאכְט פֶערְאִירֶען: 29 אוּנְד עֶס וֶועט צוּ אַייךְ זֵיין אַ גֶעזַאנְג וִויא אִין דֶער נַאכְט פוּן אַ גֶעהֵיילִיגְטֶען יוֹם טוֹב, אוּנְד פְרֶעלִיכֶע הֶארְצֶער, אַזוֹי וִויא אֵיינֶער וָואס גֶעהְט אַרוּם מִיט אַ פְלֵייט אַרֵיינְצוּקוּמֶען אוֹיף דֶעם בַּארְג פוּן דֶעם הַאר, צוּ דֶעם (שְׁטַארְקֶען) בֶּעשֶׁעפֶער פוּן יִשְׂרָאֵל: 30 אוּנְד גָאט וֶועט לָאזֶען הֶערֶען דָאס קוֹל פוּן זֵיינֶע שֶׁענְהֵייט, אוּנְד דָאס אַרוּפְּלָאזֶען פוּן זֵיין אָרֶעם וֶועט גֶעזֶעהֶען וֶוערֶען מִיט דֶעם גְרִימְצָארְן אוּנְד מִיט אַ פְלַאם פוּן פֶערְבְּרֶענְנֶענְדֶעם פֵייעֶר, מִיט בְּלִיץ אוּנְד שְׁטָארְם אוּנְד הָאגֶעל־שְׁטֵיינֶער: 31 וָוארִין דוּרְךְ דֶעם קוֹל פוּן גָאט וֶועט אַשּׁוּר צוּ־בְּרָאכֶען וֶוערֶען, מִיט אַ רוּט וֶועט עֶר אִיהְם שְׁלָאגֶען: 32 אוּנְד אַלֶערְטְוֶועגֶען אַזוֹי דֶער גֶעגְרִינְדֶעטֶער שְׁטֶעקֶען וֶועט אִיבֶּערְפַאהְרֶען, וָואס גָאט וֶועט אוֹיף אִיהְם לָאזֶען רוּהֶען, וֶועט זֵיין מִיט פּוֹיקֶען אוּנְד הַארְפֶען, אוּנְד מִיט אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּענֶע מִלְחָמוֹת וֶועט עֶר דָאמִיט מִלְחָמָה הַאלְטֶען: 33 וָוארִין דָאס גֵיהִנּוֹם אִיז פוּן לַאנְג אַהֶער אָנְגֶעבְּרֵייט, עֶס אִיז אוֹיךְ אָנְגֶעבְּרֵייט פַאר דֶעם מֶלֶךְ, עֶר הָאט עֶס גֶעמַאכְט טִיף אוּנְד בְּרֵייט, אִיהְר פְלַאם הָאט פִיל פֵייעֶר אוּנְד הָאלְץ, דֶער אָטֶעם פוּן גָאט וֶועט עֶס אָנְצִינְדֶען וִויא אַ טֵייךְ פוּן שְׁוֶועבֶּעל:

## קאפיטעל לא

1 אוֹי וֶועה! וָואס גֶעהֶען אַרוּפּ קַיין מִצְרַיִם נָאךְ הִילְף אוּנְד פֶערְזִיכֶערְן זִיךְ אִין פֶערְד, אוּנְד פֶערְטְרוֹיעֶן אוֹיף רֵייטְוֶועגֶען, ווֵייל זֵייא זֶענֶען פִיל, אוּנְד אוֹיף רֵייטֶער ווֵייל זֵייא זֶענֶען זֶעהְר שְׁטַארְק, אָבֶּער זֵייא הָאבֶּען נִיט גֶעקוּקְט אוֹיף דֶעם הֵיילִיגֶען פוּן יִשְׂרָאֵל, אוּנְד דֶעם הַאר הָאבֶּען זֵייא נִיט גֶעפָארְשְׁט: 2 אָבֶּער עֶר אִיז אוֹיךְ קְלוּג אוּנְד עֶר הָאט גֶעבְּרַאכְט שְׁלֶעכְטְס

שְׁלֶעכְטֶעס אוּנְד עֶר הָאט נִיט אָפְּגֶעטְהוּן זַיינֶע װֶערְטֶער, אוּנְד עֶר װֶעט אוֹיפְשְׁטֶעהְן קֶעגֶען דֶעם הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן דִיא שְׁלֶעכְטֶע, אוּנְד קֶעגֶען דִיא הִילְף װָאס טְהוּעֶן אוּמְגֶערֶעכְטִיגְקֵייט׃ 3 װָארִין דִיא מִצְרַיִם זֶענֶען מֶענְשֶׁען אוּנְד נִיט קֵיין גָאט, אוּנְד זֵייעֶרֶע פֶערְד זֶענֶען פְלֵיישׁ אוּנְד נִיט קֵיין גַייסְט, װֶען דֶער הַאר װֶעט נֵייגֶען זֵיינֶע הַאנְד אַזוֹי װֶעט דֶער הֶעלְפֶער שְׁטְרוֹיכְלֶען אוּנְד דֶער גֶעהָאלְפֶענֶער װֶעט פַאלֶען, אוּנְד זֵייא װֶעלֶען צוּזַאמֶען אוּמְקוּמֶען׃ 4 װָארִין אַזוֹי הָאט דֶער הַאר צוּ מִיר גֶעזָאגְט, אַזוֹי װִיא דֶער לֵייבּ אוּנְד יוּנְגֶער לֵייבּ בְּרוּמְט אִיבֶּער זַיין פֶערְצִיקְטֶעס, װֶען אַ גַאנְצֶע פֶערְזַאמְלוּנְג פוּן פַּאסְטוּכֶער זֶענֶען קֶעגֶען אִיהְם צוּזַאמֶענְגֶערוּפֶען אַזוֹי שְׁרֶעקְט עֶר זִיךְ דָאךְ נִיט פַאר זֵייעֶר קוֹל, אוּנְד װֶעגֶען זֵייעֶרֶע מַאסֶע מַאכְט עֶר זִיךְ נִיט אוּנְטֶערְטֶענִיג, (גְרָאד) אַזוֹי װֶעט דֶער הַאר צְבָאוֹת אַרוּפְקוּמֶען מִלְחָמָה צוּ הַאלְטֶען אוֹיף דֶעם בַּארְג צִיוֹן אוּנְד אוֹיף אִיהְרֶע הֵייךְ׃ 5 אַזוֹי װִיא פֵייגֶעל װָאס פְלִיהֶען אַזוֹי װֶעט דֶער הַאר צְבָאוֹת בֶּעשִׁיצֶען יְרוּשָׁלַיִם, עֶר װֶעט בֶּעשִׁיצֶען אוּנְד מַצִיל זַיין, אַרִיבֶּערְגֶעהֶענְדִיג װֶעט עֶר זֵייא מַאכֶען אַנְטְרִינֶען׃ 6 קֶעהְרְט אֵייךְ צוּ דֶעם פוּן װֶעמֶען דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל הָאבֶּען זִיךְ טִיף (אָדֶער שְׁטַארְק) אַװֶעקְגֶעקֶעהְרְט 7 װָארִין אִין דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען טָאג װֶעט אִיטְלִיכֶער מֶענְשׁ אַװֶעקְװַארְפֶען זֵיינֶע זִילְבֶּערְנֶע אָדֶער גָאלְדֶענֶע אָפְּגֶעטֶער װֶעלְכֶע אֵייעֶרֶע אֵייגֶענֶע הֶענְד הָאבֶּען עֶס גֶעמַאכְט צוּ אַ זִינְד׃ 8 אוּנְד אַשּׁוּר װֶעט פַאלֶען דוּרְךְ אַ שְׁװֶערְד װָאס אִיז נִיט פוּן אַ מַאן, אוּנְד אַ שְׁװֶערְד װָאס אִיז נִיט פוּן אַ גֶעמֵיינֶעם מֶענְשׁ װֶעט זֵייא פְרֶעסֶען, אוּנְד עֶר װֶעט אַנְטְלוֹיפֶען װֶעגֶען דֶעם שְׁװֶערְד, אוּנְד זֵיינֶע אוֹיסְדֶערְװֶעהְלְטֶע װֶעלֶען צוּשְׁמָאלְצֶען װֶערֶען׃ 9 אוּנְד זֵיינֶע פֶעסְטוּנְג װֶעט פַאר פָארְכְט אַרִיבֶּערְגֶעהְן אוּנְד זֵיינֶע הוֹיפְּטְלֵייט װֶעלֶען זִיךְ דֶערְשְׁרֶעקֶען פַאר דֶעם פָאהְן, זָאגְט דֶער הַאר, װָאס הָאט זַיין פֵייעֶר אִין צִיוֹן אוּנְד זַיין אוֹיװֶען אִין יְרוּשָׁלַיִם׃

## קאפיטעל לב

1 זֶעה, אַ מֶלֶךְ װֶעט רֶעגִירֶען אִין גֶערֶעכְטִיגְקֵייט, אוּנְד פִירְשְׁטֶען װֶעלֶען הֶערְשֶׁען מִיט רֶעכְטְפֶערְטִיגְקֵייט׃ 2 אוּנְד אַ מַאן װֶעט זַיין פַאר אַ בֶּעהַאלְטֶענִיס פָאר דֶעם װִינְד, אוּנְד אַ בֶּעשִׁיצוּנְג פָאר דֶעם שְׁטָארְם, אוּנְד װִיא טֵייכֶען װַאסֶער אִין אַ טְרוּקֶען אָרְט װִיא אַ שָׁאטֶען פוּן אַ גְרוֹיסֶען פֶעלְזֶען־שְׁטֵיין אִין אַ מִיד לַאנְד׃ 3 אוּנְד דִיא אוֹיגֶען פוּן דִיא װָאס זֶעהֶען װֶעלֶען נִיט פֶערְבְּלֶענְדְט װֶערֶען, אוּנְד דִיא אוֹירֶען פוּן דִיא װָאס הֶערֶען װֶעלֶען עֶס פֶערְנֶעמֶען׃ 4 אוּנְד דָאס הַארְץ פוּן דִיא אֵיילֶענְדִיגֶע װֶעט פֶערְשְׁטֶעהְן צוּ װִיסֶען, אוּנְד דִיא צוּנְג פוּן דִיא שְׁטַאמְלֶער װֶעט זַיין אֵיילִיג צוּ רֶעדֶען קְלָארְהֵייט׃ 5 אַ נַאר װֶעט מֶען נִיט מֶעהְר רוּפֶען אַ גוּטְהַארְצִיגֶער, אוּנְד צוּ אַ בֶּעטְרִיגֶער װֶעט נִיט גֶעזָאגְט װֶערֶען אַז עֶר אִיז װָאוֹילְטֶעטִיג׃ 6 װָארִין דֶער נַאר װֶעט רֶעדֶען נַארִישְׁקֵייט אוּנְד זַיין הַארְץ װֶעט אוּנְרֶעכְטֶעס טְרַאכְטֶען חֲנוּפָה צוּ טְהוּן, אוּנְד קֶעגֶען דֶעם הַאר פֶערְאִירְטֶעס צוּ רֶעדֶען, לֶעדִיג צוּ מַאכֶען דָאס נֶפֶשׁ פוּן דֶעם הוּנְגֶערִיגֶען, אוּנְד דָאס גֶעטְרֶענְק פוּן דֶעם דוּרְשְׁטִיגֶען מַאכְט עֶר פֶעהְלֶען׃ 7 דִיא כֵּלִים פוּן דֶעם בֶּעטְרִיגֶער זֶענֶען שְׁלֶעכְט, עֶר טְרַאכְט אוֹיס שְׁלֶעכְטֶע מַחְשָׁבוֹת כְּדֵי צוּ פֶערְדַארְבֶּען דִיא אָרֶעמֶע מִיט זֵיינֶע פַאלְשֶׁע רֶעדֶען, אַפִילוּ װֶען דֶער נוֹיטְבֶּעדֶערְפְטִיגֶער רֶעדֶעט רֶעכְטֶעס׃ 8 דֶער גוּטְהַארְצִיגֶער טְהוּט רָאטֶען גוּטֶעס צוּ טְהוּן, אוּנְד עֶר װֶעט הָאבֶּען אַ קִיוּם װֶעגֶען זֵיינֶע גוּטְהַארְצִיגְקֵייט׃ 9 שְׁטֶעהְט אוֹיף, אִיהְר רוּהִיגֶע װֵייבֶּער, הֶערְט מֵיין קוֹל, אִיהְר פֶערְזִיכֶערְטֶע טֶעכְטֶער פֶערְנֶעמְט מֵיינֶע רֶעדֶע׃ 10 פִילֶע טֶעג אוּנְד יָאהְרֶען װֶעט אִיהְר צִיטֶערְן אִיהְר פֶערְזִיכֶערְטֶע, װָארִין דִיא װֵיינְזַאמְלוּנְג פוּן דִיא װֵיינְטְרוֹיבֶּען אִיז פֶערְלֶענְט, אוּנְד עֶס

רָע וְאֶת־דְּבָרָיו לֹא הֵסִיר וְקָם עַל־בֵּית מְרֵעִים וְעַל־עֶזְרַת
3 פֹּעֲלֵי אָוֶן׃ וּמִצְרַיִם אָדָם וְלֹא־אֵל וְסוּסֵיהֶם בָּשָׂר וְלֹא־
רוּחַ וַיהוָה יַטֶּה יָדוֹ וְכָשַׁל עוֹזֵר וְנָפַל עָזֻר וְיַחְדָּו כֻּלָּם
4 יִכְלָיוּן׃ כִּי כֹה אָמַר־יְהוָה ׀ אֵלַי כַּאֲשֶׁר יֶהְגֶּה הָאַרְיֵה
וְהַכְּפִיר עַל־טַרְפּוֹ אֲשֶׁר יִקָּרֵא עָלָיו מְלֹא רֹעִים מִקּוֹלָם
לֹא יֵחָת וּמֵהֲמוֹנָם לֹא יַעֲנֶה כֵּן יֵרֵד יְהוָה צְבָאוֹת לִצְבֹּא
ה עַל־הַר־צִיּוֹן וְעַל־גִּבְעָתָהּ׃ כְּצִפֳּרִים עָפוֹת כֵּן יָגֵן יְהוָה
6 צְבָאוֹת עַל־יְרוּשָׁלִָם גָּנוֹן וְהִצִּיל פָּסֹחַ וְהִמְלִיט׃ שׁוּבוּ
7 לַאֲשֶׁר הֶעְמִיקוּ סָרָה בְּנֵי יִשְׂרָאֵל׃ כִּי בַּיּוֹם הַהוּא יִמְאָסוּן
אִישׁ אֱלִילֵי כַסְפּוֹ וֶאֱלִילֵי זְהָבוֹ אֲשֶׁר עָשׂוּ לָכֶם יְדֵיכֶם
8 חֵטְא׃ וְנָפַל אַשּׁוּר בְּחֶרֶב לֹא־אִישׁ וְחֶרֶב לֹא־אָדָם תֹּאכְלֶנּוּ
9 וְנָס לוֹ מִפְּנֵי־חֶרֶב וּבַחוּרָיו לָמַס יִהְיוּ׃ וְסַלְעוֹ מִמָּגוֹר
יַעֲבוֹר וְחַתּוּ מִנֵּס שָׂרָיו נְאֻם־יְהוָה אֲשֶׁר־אוּר לוֹ בְּצִיּוֹן
וְתַנּוּר לוֹ בִּירוּשָׁלִָם׃

## לב

לב
א 2 הֵן לְצֶדֶק יִמְלָךְ־מֶלֶךְ וּלְשָׂרִים לְמִשְׁפָּט יָשֹׂרוּ׃ וְהָיָה־אִישׁ
כְּמַחֲבֵא־רוּחַ וְסֵתֶר זָרֶם כְּפַלְגֵי־מַיִם בְּצָיוֹן כְּצֵל סֶלַע־
3 כָּבֵד בְּאֶרֶץ עֲיֵפָה׃ וְלֹא תִשְׁעֶינָה עֵינֵי רֹאִים וְאָזְנֵי שֹׁמְעִים
4 תִּקְשַׁבְנָה׃ וּלְבַב נִמְהָרִים יָבִין לָדָעַת וּלְשׁוֹן עִלְּגִים תְּמַהֵר
ה לְדַבֵּר צָחוֹת׃ לֹא־יִקָּרֵא עוֹד לְנָבָל נָדִיב וּלְכִילַי לֹא
6 יֵאָמֵר שׁוֹעַ׃ כִּי נָבָל נְבָלָה יְדַבֵּר וְלִבּוֹ יַעֲשֶׂה־אָוֶן לַעֲשׂוֹת
חֹנֶף וּלְדַבֵּר אֶל־יְהוָה תּוֹעָה לְהָרִיק נֶפֶשׁ רָעֵב וּמַשְׁקֶה
7 צָמֵא יַחְסִיר׃ וְכֵלַי כֵּלָיו רָעִים הוּא זִמּוֹת יָעָץ לְחַבֵּל
8 עֲנִוִּים בְּאִמְרֵי שֶׁקֶר וּבְדַבֵּר אֶבְיוֹן מִשְׁפָּט׃ וְנָדִיב נְדִיבוֹת
9 יָעָץ וְהוּא עַל־נְדִיבוֹת יָקוּם׃ נָשִׁים שַׁאֲנַנּוֹת קֹמְנָה
י שְׁמַעְנָה קוֹלִי בָּנוֹת בֹּטְחוֹת הַאְזֵנָּה אִמְרָתִי׃ יָמִים עַל־
שָׁנָה תִּרְגַּזְנָה בֹּטְחוֹת כִּי כָּלָה בָצִיר אֹסֶף בְּלִי יָבוֹא׃

11 חִרְדוּ שַׁאֲנַנּוֹת רְגָזָה בֹּטְחוֹת פְּשֹׁטָה וְעֹרָה וַחֲגוֹרָה עַל־
12 חֲלָצָיִם׃ עַל־שָׁדַיִם סֹפְדִים עַל־שְׂדֵי־חֶמֶד עַל־גֶּפֶן פֹּרִיָּה׃
13 עַל אַדְמַת עַמִּי קוֹץ שָׁמִיר תַּעֲלֶה כִּי עַל־כָּל־בָּתֵּי מָשׂוֹשׂ
14 קִרְיָה עַלִּיזָה׃ כִּי־אַרְמוֹן נֻטָּשׁ הֲמוֹן עִיר עֻזָּב עֹפֶל וָבַחַן
הָיָה בְעַד מְעָרוֹת עַד־עוֹלָם מְשׂוֹשׂ פְּרָאִים מִרְעֵה עֲדָרִים׃
טו עַד־יֵעָרֶה עָלֵינוּ רוּחַ מִמָּרוֹם וְהָיָה מִדְבָּר לַכַּרְמֶל וְכַרְמֶל
16 לַיַּעַר יֵחָשֵׁב׃ וְשָׁכַן בַּמִּדְבָּר מִשְׁפָּט וּצְדָקָה בַּכַּרְמֶל
17 תֵּשֵׁב׃ וְהָיָה מַעֲשֵׂה הַצְּדָקָה שָׁלוֹם וַעֲבֹדַת הַצְּדָקָה הַשְׁקֵט
18 וָבֶטַח עַד־עוֹלָם׃ וְיָשַׁב עַמִּי בִּנְוֵה שָׁלוֹם וּבְמִשְׁכְּנוֹת
19 מִבְטַחִים וּבִמְנוּחֹת שַׁאֲנַנּוֹת׃ וּבָרַד בְּרֶדֶת הַיָּעַר וּבַשִּׁפְלָה
כ תִּשְׁפַּל הָעִיר׃ אַשְׁרֵיכֶם זֹרְעֵי עַל־כָּל־מָיִם מְשַׁלְּחֵי רֶגֶל־
הַשּׁוֹר וְהַחֲמוֹר׃

## לג

לג
א הוֹי שׁוֹדֵד וְאַתָּה לֹא שָׁדוּד וּבוֹגֵד וְלֹא־בָגְדוּ בוֹ כַּהֲתִמְךָ
2 שׁוֹדֵד תּוּשַּׁד כַּנְּלֹתְךָ לִבְגֹּד יִבְגְּדוּ־בָךְ׃ יְהוָה חָנֵּנוּ
לְךָ קִוִּינוּ הֱיֵה זְרֹעָם לַבְּקָרִים אַף־יְשׁוּעָתֵנוּ בְּעֵת צָרָה׃
3 4 מִקּוֹל הָמוֹן נָדְדוּ עַמִּים מֵרֽוֹמְמֻתֶךָ נָפְצוּ גּוֹיִם׃ וְאֻסַּף
ה שְׁלַלְכֶם אֹסֶף הֶחָסִיל כְּמַשַּׁק גֵּבִים שֹׁקֵק בּוֹ׃ נִשְׂגָּב
6 יְהוָה כִּי שֹׁכֵן מָרוֹם מִלֵּא צִיּוֹן מִשְׁפָּט וּצְדָקָה׃ וְהָיָה
אֱמוּנַת עִתֶּיךָ חֹסֶן יְשׁוּעֹת חָכְמַת וָדָעַת יִרְאַת יְהוָה הִיא
7 אוֹצָרוֹ׃ הֵן אֶרְאֶלָּם צָעֲקוּ חֻצָה מַלְאֲכֵי שָׁלוֹם
8 מַר יִבְכָּיוּן׃ נָשַׁמּוּ מְסִלּוֹת שָׁבַת עֹבֵר אֹרַח הֵפֵר בְּרִית
9 מָאַס עָרִים לֹא חָשַׁב אֱנוֹשׁ׃ אָבַל אֻמְלְלָה אָרֶץ הֶחְפִּיר
לְבָנוֹן קָמַל הָיָה הַשָּׁרוֹן כָּעֲרָבָה וְנֹעֵר בָּשָׁן וְכַרְמֶל׃
י 11 עַתָּה אָקוּם יֹאמַר יְהוָה עַתָּה אֵרוֹמָם עַתָּה אֶנָּשֵׂא׃ תַּהֲרוּ
12 חֲשַׁשׁ תֵּלְדוּ קַשׁ רוּחֲכֶם אֵשׁ תֹּאכַלְכֶם׃ וְהָיוּ עַמִּים

עס איז קיין איינקומען: 11 דערשרעקט איהר רוהיגע! ציטערט איהר פערזיכער־טע, מען וועט אייך אויסטהון אונד נאקעט מאכען, אונד זייא וועלען זיך גארטעלן איבער דיא לענדען: 12 מען וועט זיך קלאפען אויף דיא ברוסט אונד קלאגען וועגען דיא לוסטיגע פעלדער, וועגען דיא פרוכטבארע וויינגערטען: 13 אויף דעם לאנד פון מיין פאלק וועט אויפגעהן שטעכעדיגע דערנער, אויך איבער אלע פרעהליכע הייזער פון דער פרעהליכען שטאט: 14 וואָרין דער פאלאסט איז פערלאזט, דיא מאסע מענשען פון דער שטאט זענען פערלאזען, דיא פעסטונג אונד וואכטהורם זענען געוואָרען צו הע־לען אויף עביג, צו א פרייד פאר ווילדע עזעל, אונד א ווייד פאר סטאדעס: 15 ביז דער רוח הקודש וועט איבער אונס אויסגעגאסען ווערען פון דער הייך, אונד דיא מדבר וועט ווערען צו א פרוכט־בארעס פעלד, אונד דאס פרוכט־פעלד וועט ווערען צו א וואלד: 16 אונד אין דער מדבר וועט רוהען משפט, אונד אין דעם פרוכטבארען פעלד וועט וואוינען גערעכטיגקייט: 17 אונד דיא מעשים פון גערעכ־טיגקייט וועט זיין שלום, אונד דיא עבודה פון גערעכטיגקייט וועט זיין רוהיגקייט אונד זיכערהייט ביז אויף עביג: 18 אונד מיין פאלק וועט וואוינען אין פרידליכע וואוינונגען אונד אין זיכערע וואוינונגען, אונד אין שטילע אונד רוהיגע ערטער: 19 אונד ער וועט לאזען ארונטערהאגעלן אויף דעם וואלד, אונד דיא שטאט וועט אים גאנצען ארופגעני־דערט ווערען: 20 געבענשט זענט איהר וואס איהר זייעט בייא אלע וואסערן וואס איהר שיקט אהין דעם פוס פון דעם אקס אונד פון דעם עזעל:

## קאפיטעל לג

1 אוי וועה דוא רויבער! אונד דוא ביזט ניט בערויבט, אונד דוא פאלשער, אונד מען האט ניט קעגען דיר פאלש געהאנדעלט! ווען דוא וועסט אויפהערען א רויבער צו זיין, אזוי וועסט דוא בערויבט ווערען, ווען דוא וועסט אויפהערען פאלש צו זיין, אזוי וועט מען קעגען דיר פאלש האנדלען: 2 א האר ליימזעליג אונס, מיר האפען צו דיר, זייא דוא זייער (שטארקער) ארעם אלע פריהמארגען, אויך אונזערע הילף אין דער צייט פון נויט: 3 ווע־גען דיין ברומענדען קול זענען דיא פעלקער פערוואגעלט געוואָרען, דורך דיין דערהייבונג זענען דיא גוים צושפרייט געוואָרען: 4 אונד אייער רויב וועט איינגעזאמעלט ווערען וויא דיא איינזאמלונג פון היישרעקען, אונד וויא דאס לויפען (פון דיא היישרעקען) אין דיא גרובער ווען מען דארין לויפט: 5 דער האר איז דערהייכט ווייל ער וואוינט אין דער הייך, ער האט ציון פול געמאכט מיט משפט אונד גערעכטיגקייט: 6 אונד דיא אמונה פון דיי־נע צייטען וועט זיין א שיצונג פון הילף, חכמה אונד וויסענשאפט, דיא פורכט פאר דעם האר דאס וועט זיין זיין אוצר: 7 זעה, זיירע שטארקע העלדען וועלען דרויסען שרייען, דיא שלוחים פון שלום וועלען ביטערליך וויינען: 8 דיא הויכע וועגען זענען פערוויסט געוואָרען, דער דורכוואנדערער האט אויפגעהערט, ער האט דעם בונד צערשטערט, דיא שטעט האט ער פעראכטעט, אונד קיין מענש איז בייא איהם ניט חשוב געוועזען: 9 דאס לאנד איז טרויריג אונד פערשעמט אונד פערוועלקט, לבנון איז פערשעמט אונד פערוועלקט, דער שרון איז געוואָרען וויא א פערדארטע מדבר, אונד בשן אונד כרמל זענען וויא אפגעשעלט (פון פירות): 10 אצונד וועל איך אויפשטעהן זאגט דער האר, אצונד וועל איך דערהייכט ווערען אצונד וועל איך מיך דערהעבען: 11 איהר וועט טראגענדיג ווערען מיט היייא אונד וועט גע־וואונען שטרויא, אייער הויך וועט אייך פערברענען וויא א פייער: 12 אונד דיא פעלקער

וועלען

מִשְׂרְפוֹת שִׂיד קוֹצִים כְּסוּחִים בָּאֵשׁ יִצַּתּוּ׃ שִׁמְעוּ 13
רְחוֹקִים אֲשֶׁר עָשִׂיתִי וּדְעוּ קְרוֹבִים גְּבֻרָתִי׃ פָּחֲדוּ בְצִיּוֹן 14
חַטָּאִים אָחֲזָה רְעָדָה חֲנֵפִים מִי ׀ יָגוּר לָנוּ אֵשׁ אוֹכֵלָה
מִי־יָגוּר לָנוּ מוֹקְדֵי עוֹלָם׃ הֹלֵךְ צְדָקוֹת וְדֹבֵר מֵישָׁרִים טו
מֹאֵס בְּבֶצַע מַעֲשַׁקּוֹת נֹעֵר כַּפָּיו מִתְּמֹךְ בַּשֹּׁחַד אֹטֵם אָזְנוֹ
מִשְּׁמֹעַ דָּמִים וְעֹצֵם עֵינָיו מֵרְאוֹת בְּרָע׃ הוּא מְרוֹמִים 16
יִשְׁכֹּן מְצָדוֹת סְלָעִים מִשְׂגַּבּוֹ לַחְמוֹ נִתָּן מֵימָיו נֶאֱמָנִים׃
מֶלֶךְ בְּיָפְיוֹ תֶּחֱזֶינָה עֵינֶיךָ תִּרְאֶינָה אֶרֶץ מַרְחַקִּים׃ לִבְּךָ 17 18
יֶהְגֶּה אֵימָה אַיֵּה סֹפֵר אַיֵּה שֹׁקֵל אַיֵּה סֹפֵר אֶת־הַמִּגְדָּלִים׃
אֶת־עַם נוֹעָז לֹא תִרְאֶה עַם עִמְקֵי שָׂפָה מִשְּׁמוֹעַ נִלְעַג 19
לָשׁוֹן אֵין בִּינָה׃ חֲזֵה צִיּוֹן קִרְיַת מוֹעֲדֵנוּ עֵינֶיךָ תִרְאֶינָה כ
יְרוּשָׁלַםִ נָוֶה שַׁאֲנָן אֹהֶל בַּל־יִצְעָן בַּל־יִסַּע יְתֵדֹתָיו לָנֶצַח
וְכָל־חֲבָלָיו בַּל־יִנָּתֵקוּ׃ כִּי אִם־שָׁם אַדִּיר יְהוָֹה לָנוּ 21
מְקוֹם־נְהָרִים יְאֹרִים רַחֲבֵי יָדָיִם בַּל־תֵּלֶךְ בּוֹ אֳנִי־שַׁיִט
וְצִי אַדִּיר לֹא יַעַבְרֶנּוּ׃ כִּי יְהוָֹה שֹׁפְטֵנוּ יְהוָֹה מְחֹקְקֵנוּ 22
יְהוָֹה מַלְכֵּנוּ הוּא יוֹשִׁיעֵנוּ׃ נִטְּשׁוּ חֲבָלָיִךְ בַּל־יְחַזְּקוּ כֵן 23
תָּרְנָם בַּל־פָּרְשׂוּ נֵס אָז חֻלַּק עַד־שָׁלָל מַרְבֶּה פִּסְחִים בָּזְזוּ
בַז׃ וּבַל־יֹאמַר שָׁכֵן חָלִיתִי הָעָם הַיֹּשֵׁב בָּהּ נְשֻׂא עָוֹן׃ 24

לד

קִרְבוּ גוֹיִם לִשְׁמֹעַ וּלְאֻמִּים הַקְשִׁיבוּ תִּשְׁמַע הָאָרֶץ וּמְלֹאָהּ א
תֵּבֵל וְכָל־צֶאֱצָאֶיהָ׃ כִּי קֶצֶף לַיהוָֹה עַל־כָּל־הַגּוֹיִם וְחֵמָה 2
עַל־כָּל־צְבָאָם הֶחֱרִימָם נְתָנָם לַטָּבַח׃ וְחַלְלֵיהֶם יֻשְׁלָכוּ 3
וּפִגְרֵיהֶם יַעֲלֶה בָאְשָׁם וְנָמַסּוּ הָרִים מִדָּמָם׃ וְנָמַקּוּ כָּל־ 4
צְבָא הַשָּׁמַיִם וְנָגֹלּוּ כַסֵּפֶר הַשָּׁמָיִם וְכָל־צְבָאָם יִבּוֹל כִּנְבֹל
עָלֶה מִגֶּפֶן וּכְנֹבֶלֶת מִתְּאֵנָה׃ כִּי־רִוְּתָה בַשָּׁמַיִם חַרְבִּי ה
הִנֵּה עַל־אֱדוֹם תֵּרֵד וְעַל־עַם חֶרְמִי לְמִשְׁפָּט׃ חֶרֶב 6
לַיהוָֹה מָלְאָה דָם הֻדַּשְׁנָה מֵחֵלֶב מִדַּם כָּרִים וְעַתּוּדִים

וועלען זיין אזוי וויא ברענענדיגער קאלך,
וויא אפגעהאקטע דערנער וועלען זייא
אנגעצונדען ווערען אין דעם פייער:
13 הערט איהר פון ווייטען וואס איך
האב געטהון, אונד איהר נאהנטע דער־
קענט מיינע שטארקהייט: 14 דיא זינדיגע
אין ציון פארכטען זיך, א ציטערניס האט
דיא חנפים אנגעהאפט — ווער פון אונס
ועט קענען וואוינען בייא דעם ברענענ־
דיגען פייער? ווער פון אונס וועט קענען
וואוינען בייא דעם עביגען ברענען:
15 דער וואס געהט ארום מיט גערעכטיג־
קייט אונד רעט רעכטפארטיגקייט, אונד
וואס פערמאוסט רויב פון אונטערדריקונג
וואס שאקעלט אפ זיינע הענד ניט אנצו־
רירען אן שוחד, וואס פערשטאפט זיינע
אויערן אז ער זאל ניט הערען פון בלוט־
פערגיסען, אונד האלט צו זיינע אויגען אז
ער זאל קיין שלעכטעס ניט זעהען: 16 דער
וועט וואוינען אין דער הייך זיינע בעשיצונג
וועט זיין אין שטארקע פעסטונגען, זיין
ברויט וועט איהם געגעבען ווערען, אונד
זיין וואסער וועט זיין זיכער: 17 דיינע
אויגען וועלען זעהען דעם מלך אין זיינע
שעהנהייט, זייא וועלען זעהען א זעהר ווייטעס לאנד: 18 דיין הארץ וועט נאכדענקען
פון דער פורכט, (אונד זאגען) אוואו איז דער שרייבער? אוואו איז דער אפוועגער? אוואו
איז דער וואס ציילט דיא טהורמער? 19 דאס עזותדיגע פאלק וועסט דוא ניט מעהר
זעהען, א פאלק פון טיפער שפראך וואס דוא קענסט ניט פערשטעהן, מיט א פערדרעהט
לשון וואס דוא קענסט ניט פערשטעהן: 20 זעה אן ציון, דיא שטאט פון אונזערע פער־
זאמלונג, דיינע אויגען וועלען אנזעהען ירושלם א רוהיגע וואוינונג א געצעלט וואס וועט
ניט אוועקגעריקט ווערען, אונד זיינע פלעקער וועלען אויף עביג ניט אויסגעריסען
ווערען, אונד אלע זיינע שטריק וועלען ניט צוריסען ווערען: 21 נייערט דארט וועט דער
האר פאר אונס שטארק זיין, איין ארט פון שטראמען אונד טייכען ברייט אויף ביידע זייטען,
עס וועט קיין רודערשיף דורכגיין, אויך קיינע שטארקע קריגס־שיפען וועלען דורכגיין:
22 ווארין דער האר איז אונזער שופט, דער האר איז אונזער געזעצגעבער, דער האר איז
אונזער מלך ער וועט אונס העלפען: 23 דיינע שטריק זענען שלאף געווארען זייא האבען
ניט געקענט דעם זעגעל־בוים שטארקען, זייא האבען ניט געקענט אויסשפרייטען דעם
זעגעל־פאהן, דענסטמאל איז אויסגעטיילט געווארען זעהר פיל זאק־רויב, דיא לאמע
וועלען זיך רויב רויבען: 24 אונד דער איינוואוינער וועט ניט זאגען איך בין קראנק, דאס
פאלק וואס וואוינט דארין וועט דיא זינד פערגעבען האבען:

קאפיטעל לד

1 גענעהנט איהר פעלקער צו הערען אונד פערנעמט עס איהר פעלקערשאפטען, לאז עס
דיא ערד הערען, אונד אלע איהרע פולהייט, דיא וועלט, אונד אלעס וואס קומט פון איהר
ארויס: 2 ווארין דער צארן פון דעם האר איז איבער אלע גוים, אונד זיין גרימצארן איבער
אלע זייערע הערשארען, ער האט זייא פערוויסט, ער האט זייא איבערגעגעבען צו דעם שעכ־
טען: 3 אונד זייערע דערשלאגענע וועלען אוועקגעווארפען ווערען, אונד פון זייערע פגרים
וועט א געשטאנק אויפגעהן אונד דיא בערג וועלען פון זייער בלוט צורינען ווערען: 4 אונד
אלע הערשארען פון הימעל וועלען צוגעהן, אונד דיא הימעל וועלען ווערען צוזאמענגעוויי־
קעלט וויא א ספר, אונד זייערע גאנצע חילות וועלען פערוועלקט ווערען אזוי וויא א בלאט פון
א וויינשטאק ווערט פערוועלקט, אונד וויא א פערוועלקטע פייג פון פייגענבוים: 5 ווארין
מיין שווערד וועט זיך זעטיגען אים הימעל, זעה, עס וועט ארופקומען איבער אדום, אונד
איבער מיין חרם־פאלק צום משפט: 6 דאס שווערד פון דעם האר איז פול מיט בלוט, עס איז
פעט

מֵחֵלֶב כִּלְיוֹת אֵילִים כִּי זֶבַח לַיהוָה בְּבָצְרָה וְטֶבַח גָּדוֹל
7 בְּאֶרֶץ אֱדוֹם׃ וְיָרְדוּ רְאֵמִים עִמָּם וּפָרִים עִם־אַבִּירִים
8 וְרִוְּתָה אַרְצָם מִדָּם וַעֲפָרָם מֵחֵלֶב יְדֻשָּׁן׃ כִּי יוֹם נָקָם
9 לַיהוָה שְׁנַת שִׁלּוּמִים לְרִיב צִיּוֹן׃ וְנֶהֶפְכוּ נְחָלֶיהָ לְזֶפֶת
י וַעֲפָרָהּ לְגָפְרִית וְהָיְתָה אַרְצָהּ לְזֶפֶת בֹּעֵרָה׃ לַיְלָה וְיוֹמָם
לֹא תִכְבֶּה לְעוֹלָם יַעֲלֶה עֲשָׁנָהּ מִדּוֹר לָדוֹר תֶּחֱרָב לְנֵצַח
11 נְצָחִים אֵין עֹבֵר בָּהּ׃ וִירֵשׁוּהָ קָאַת וְקִפּוֹד וְיַנְשׁוֹף וְעֹרֵב
12 יִשְׁכְּנוּ־בָהּ וְנָטָה עָלֶיהָ קַו־תֹהוּ וְאַבְנֵי־בֹהוּ׃ חֹרֶיהָ וְאֵין
13 שָׁם מְלוּכָה יִקְרָאוּ וְכָל־שָׂרֶיהָ יִהְיוּ אָפֶס׃ וְעָלְתָה אַרְמְנֹתֶיהָ
סִירִים קִמּוֹשׂ וָחוֹחַ בְּמִבְצָרֶיהָ וְהָיְתָה נְוֵה תַנִּים חָצִיר
14 לִבְנוֹת יַעֲנָה׃ וּפָגְשׁוּ צִיִּים אֶת־אִיִּים וְשָׂעִיר עַל־רֵעֵהוּ
טו יִקְרָא אַךְ־שָׁם הִרְגִּיעָה לִּילִית וּמָצְאָה לָהּ מָנוֹחַ׃ שָׁמָּה
קִנְּנָה קִפּוֹז וַתְּמַלֵּט וּבָקְעָה וְדָגְרָה בְצִלָּהּ אַךְ־שָׁם נִקְבְּצוּ
16 דַיּוֹת אִשָּׁה רְעוּתָהּ׃ דִּרְשׁוּ מֵעַל־סֵפֶר יְהוָה וּקְרָאוּ
אַחַת מֵהֵנָּה לֹא נֶעְדָּרָה אִשָּׁה רְעוּתָהּ לֹא פָקָדוּ כִּי־פִי
17 הוּא צִוָּה וְרוּחוֹ הוּא קִבְּצָן׃ וְהוּא־הִפִּיל לָהֶן גּוֹרָל
וְיָדוֹ חִלְּקַתָּה לָהֶם בַּקָּו עַד־עוֹלָם יִירָשׁוּהָ לְדוֹר וָדוֹר
יִשְׁכְּנוּ־בָהּ׃

## לה

לה

א יְשֻׂשׂוּם מִדְבָּר וְצִיָּה וְתָגֵל עֲרָבָה וְתִפְרַח כַּחֲבַצָּלֶת׃
2 פָּרֹחַ תִּפְרַח וְתָגֵל אַף גִּילַת וְרַנֵּן כְּבוֹד הַלְּבָנוֹן נִתַּן־לָהּ
הֲדַר הַכַּרְמֶל וְהַשָּׁרוֹן הֵמָּה יִרְאוּ כְבוֹד־יְהוָה הֲדַר אֱלֹהֵינוּ׃
3 4 חַזְּקוּ יָדַיִם רָפוֹת וּבִרְכַּיִם כֹּשְׁלוֹת אַמֵּצוּ׃ אִמְרוּ
לְנִמְהֲרֵי־לֵב חִזְקוּ אַל־תִּירָאוּ הִנֵּה אֱלֹהֵיכֶם נָקָם יָבוֹא
ה גְּמוּל אֱלֹהִים הוּא יָבוֹא וְיֹשַׁעֲכֶם׃ אָז תִּפָּקַחְנָה עֵינֵי עִוְרִים
6 וְאָזְנֵי חֵרְשִׁים תִּפָּתַחְנָה׃ אָז יְדַלֵּג כָּאַיָּל פִּסֵּחַ וְתָרֹן לְשׁוֹן
7 אִלֵּם כִּי־נִבְקְעוּ בַמִּדְבָּר מַיִם וּנְחָלִים בָּעֲרָבָה׃ וְהָיָה

פֶעט גֶעוָוארֶען פוּן חֵלֶב, פוּן דֶעם בְּלוּט פוּן לֶעמֶער אוּנְד בֶּעק פוּן דֶעם נִירֶען־פֶעט פוּן ווִידְער, וָוארִין עֶס וֶועט זַיין אַ שִׁינְכְטוּנְג צוּ דֶעם הַאר אִין בָּצְרָה, אוּנְד אַ גְרוֹיסֶע שֶׁעכְטוּנְג אִין דֶעם לַאנְד אֱדוֹם: 7 אוּנְד עֶס וֶועלֶען מִיט זֵייא אַרוּנְטֶערקוּמֶען ווִילְדֶע אָקְסֶען (רְאֵמִים) אוּנְד רִינְדֶער מִיט שְׁטַארְקֶע אָקְסֶען, אוּנְד זֵייעֶר לַאנְד וֶועט זִיךְ אָנְזֶעטִיגֶען פוּן דֶעם בְּלוּט, אוּנְד זֵייעֶר שְׁטוֹיבּ וֶועט פֶעט וֶוערֶען פוּן דֶעם חֵלֶב: 8 וָוארִין עֶס וֶועט זַיין אַ טָאג פוּן נְקָמָה צוּ דֶעם הַאר, אוּנְד אַ יָאהְר פוּן פֶערְגֶעלְטוּנְג וֶועגֶען דֶעם קְרִיג פוּן צִיּוֹן: 9 אוּנְד זֵיירֶע טֵייכֶען וֶועלֶען פֶערְקֶעהְרְט וֶוערֶען צוּ פֶּעךְ אוּנְד זֵייעֶר שְׁטוֹיבּ צוּ שְׁוֶועבֶּעל, אוּנְד זֵיירֶע עֶרְד וֶועט בְּרֶענֶען ווִיא פֶּעךְ: 10 עֶס וֶועט נִיט פֶערְלָאשֶׁען וֶוערֶען בַּייא נַאכְט אָדֶער בַּייא טָאג, אוֹיף עֶבִּיג וֶועט אִיהְר רוֹיךְ אוֹיפְגֶעהְן, עֶס וֶועט חָרוֹב זַיין פוּן דוֹר צוּ דוֹר, אוֹיף אִימֶער אוּנְד עֶבִּיג וֶועט קֵיינֶער אִין אִיהְר אִיבֶּערְפָאהְרֶען: 11 נֵייעֶרְט דֶער וַואסֶער־פוֹיגֶעל אוּנְד דֶער אִיגֶעל, אוּנְד דֶער נַאכְט־פוֹיגֶעל אוּנְד דִיא רָאבּ וֶועלֶען עֶס יַרְשְׁ׳נְן אוּנְד דַארִין ווְאוֹינֶען, אוּנְד מֶען וֶועט דַארִיבֶּער צִיהֶען דִיא מֶעסְט־שְׁנוּר פוּן ווִיסְטִיגְקֵייט, אוּנְד גֶעווִיכְט־שְׁטֵיינֶער פוּן לֶערְקֵייט: 12 זֵייא וֶועלֶען אָנְרוּפֶען דִיא עֶדֶעל־לֵייט — אָבֶּער עֶס וֶועט קֵיינֶער דָארְט זַיין אִין דֶער מְלוּכָה, אוּנְד אִיהְרֶע פִירְשְׁטֶען וֶועלֶען זַיין ווִיא גָארְנִיט: 13 אוּנְד דֶערְנֶער וֶועלֶען אוֹיפְגֶעהְן אִין זֵיירֶע פַּאלַאסְטֶען, נֶעסֶעלְן אוּנְד שְׁטַאכֶעדִיגֶע דֶערְנֶער אִין זֵיירֶע פֶעסְטוּנְגֶען, אוּנְד זֵייא וֶועלֶען זַיין פַאר אַ ווְאוֹינוּנְג פוּן דְרַאכֶען־שְׁלַאנְגֶען, אוּנְד אַ הוֹיף פַאר יוּנְגֶע שְׁטְרוֹיסֶען: 14 דִיא ווִילְדֶע חַיּוֹת (פוּן דֶער מִדְבָּר) וֶועלֶען אָנְטְרֶעפֶען דִיא ווִילְדֶע חַיּוֹת פוּן דֶער אִינְזֶעל, אוּנְד אֵיין שֵׁד וֶועט דֶעם אַנְדֶערְן רוּפֶען, יָא, דָארְט וֶועט אוֹיךְ רוּהֶען דִיא נַאכְט־שֵׁדִית, (לִילִית) אוּנְד זִיא וֶועט זִיךְ אַ מְנוּחָה גֶעפִינֶען: 15 דָארְט וֶועט זִיךְ דִיא פֵייל־שְׁלַאנְג מַאכֶען אַ נֶעסְט, אוּנְד לֶעגֶען אֵייעֶר, אוּנְד זִיא וֶועט זֵייא אוֹיסְשְׁפַּאלְטֶען, אוּנְד וֶועט אֵיינְזַאמֶעלְן אִיהְרֶע יוּנְגֶען אוּנְטֶער אִיהְר שָׁאטֶען, דָארְט וֶועלֶען זִיךְ אוֹיךְ דִיא רוֹיבּ־פֵייגֶעל פֶערְזַאמֶעלְן אֵיינֶע צוּ דִיא אַנְדֶערֶע: 16 פָארְשְׁט נָאךְ אִין דֶעם סֵפֶר פוּן דֶעם הַאר, אוּנְד לֵייעֶנְט עֶס! אֵיינֶע פוּן זֵייא וֶועט נִיט פֶעהְלֶען, קֵיינֶע לָאזְט פֶעהְלֶען אִיהְרֶע חֲבֵרְתָּה, וָוארִין עֶס אִיז בֶּעפוֹילֶען גֶעוָוארֶען פוּן זַיין מוֹיל, אוּנְד זַיין רוּחַ הָאט עֶס אֵיינְגֶעזַאמֶעלְט: 17 אוּנְד עֶר הָאט פַאר זֵייא גוֹרָל גֶעוָוארְפֶען, אוּנְד זֵיינֶע הַאנְד הָאט עֶס צוּ זֵייא אוֹיסְגֶעטֵיילְט דוּרְךְ אַ מֶעסְט־שְׁנוּר, זֵייא וֶועלֶען עֶס אוֹיף עֶבִּיג יַרְשְׁ׳נְן זֵייא וֶועלֶען דַארִין ווְאוֹינֶען פוּן דוֹר צוּ דוֹר:

## קאפיטעל לה

1 דִיא מִדְבָּר אוּנְד דָאס טְרוּקֶענֶע לַאנְד וֶועלֶען זִיךְ פְרֵייעֶן, אוּנְד דֶער פְלוֹין וֶועט פְרֶעהְלִיךְ זַיין אוּנְד בְּלִיהֶען ווִיא אַ רוֹיז: 2 עֶס וֶועט זֶעהְר בְּלִיהֶען אוּנְד זִיךְ פְרֵייעֶן, יָא עֶס וֶועט פְרֶעהְלִיךְ זַיין מִיט גֶעזַאנְג, דֶער כָּבוֹד פוּן דֶעם לְבָנוֹן וֶועט צוּ אִיהְר גֶעגֶעבֶּען וֶוערֶען, דִיא שֶׁענְהֵייט פוּן כַּרְמֶל אוּנְד שָׁרוֹן, זֵייא וֶועלֶען זֶעהֶען דֶעם כָּבוֹד פוּן דֶעם הַאר דִיא שֶׁענְהֵייט פוּן אוּנְזֶער גָאט: 3 שְׁטַארְקְט דִיא שְׁלַאפֶע הֶענְד אוּנְד פֶעסְטִיגְט דִיא שְׁטְרוֹיכֶעלְדִיגֶע קְנִיעֶן: 4 זָאגְט צוּ דִיא וָואס הָאבֶּען פָארְכְטִיגֶע הֶערְצֶער, זַייט שְׁטַארְק, הָאט נִיט קֵיין מוֹרָא, זֶעהְט אֵייעֶר גָאט וֶועט קוּמֶען מִיט אַ נְקָמָה, עֶר וֶועט קוּמֶען מִיט אַ בֶּעצָאלוּנְג אוּנְד עֶר וֶועט אֵייךְ הֶעלְפֶען: 5 דֶענְסְמָאל וֶועלֶען דִיא אוֹיגֶען פוּן דִיא בְּלִינְדֶע אוֹיפְגֶעמַאכְט וֶוערֶען, אוּנְד דִיא אוֹירֶען פוּן דִיא טוֹיבֶּע וֶועלֶען זִיךְ אוֹיפְמַאכֶען: 6 דֶענְסְמָאל וֶועלֶען דִיא לָאמֶע שְׁפְּרִינְגֶען ווִיא אַ הִירְשׁ, אוּנְד דִיא צוּנְג פוּן דֶעם שְׁטוּמֶען וֶועט זִינְגֶען, וָוארִין אִין דֶער מִדְבָּר וֶועלֶען וַואסֶערְן אוֹיסְבְּרֶעכֶען, אוּנְד טֵייכֶען אִין דֶער ווִיסְטֶענֵייא: 7 אוּנְד דָאס דַארֶע לַאנְד וֶועט זַיין

צו

הַשָּׁרָב לַאֲגַם וְצִמָּאוֹן לְמַבּוּעֵי מָיִם בִּנְוֵה תַנִּים רִבְצָהּ
8 חָצִיר לְקָנֶה וָגֹמֶא׃ וְהָיָה־שָׁם מַסְלוּל וָדֶרֶךְ וְדֶרֶךְ הַקֹּדֶשׁ
יִקָּרֵא לָהּ לֹא־יַעַבְרֶנּוּ טָמֵא וְהוּא־לָמוֹ הֹלֵךְ דֶּרֶךְ וֶאֱוִילִים
9 לֹא יִתְעוּ׃ לֹא־יִהְיֶה שָׁם אַרְיֵה וּפְרִיץ חַיּוֹת בַּל־יַעֲלֶנָּה
י לֹא תִמָּצֵא שָׁם וְהָלְכוּ גְּאוּלִים׃ וּפְדוּיֵי יְהוָה יְשֻׁבוּן וּבָאוּ
צִיּוֹן בְּרִנָּה וְשִׂמְחַת עוֹלָם עַל־רֹאשָׁם שָׂשׂוֹן וְשִׂמְחָה יַשִּׂיגוּ
וְנָסוּ יָגוֹן וַאֲנָחָה׃

לו — לו

א וַיְהִי בְּאַרְבַּע עֶשְׂרֵה שָׁנָה לַמֶּלֶךְ חִזְקִיָּהוּ עָלָה סַנְחֵרִיב
2 מֶלֶךְ־אַשּׁוּר עַל כָּל־עָרֵי יְהוּדָה הַבְּצֻרוֹת וַיִּתְפְּשֵׂם׃ וַיִּשְׁלַח
מֶלֶךְ־אַשּׁוּר ׀ אֶת־רַבְשָׁקֵה מִלָּכִישׁ יְרוּשָׁלַיְמָה אֶל־הַמֶּלֶךְ
חִזְקִיָּהוּ בְּחֵיל כָּבֵד וַיַּעֲמֹד בִּתְעָלַת הַבְּרֵכָה הָעֶלְיוֹנָה
3 בִּמְסִלַּת שְׂדֵה כוֹבֵס׃ וַיֵּצֵא אֵלָיו אֶלְיָקִים בֶּן־חִלְקִיָּהוּ אֲשֶׁר
4 עַל־הַבָּיִת וְשֶׁבְנָא הַסֹּפֵר וְיוֹאָח בֶּן־אָסָף הַמַּזְכִּיר׃ וַיֹּאמֶר
אֲלֵיהֶם רַבְשָׁקֵה אִמְרוּ־נָא אֶל־חִזְקִיָּהוּ כֹּה־אָמַר הַמֶּלֶךְ
הַגָּדוֹל מֶלֶךְ אַשּׁוּר מָה הַבִּטָּחוֹן הַזֶּה אֲשֶׁר בָּטָחְתָּ׃
ה אָמַרְתִּי אַךְ־דְּבַר־שְׂפָתַיִם עֵצָה וּגְבוּרָה לַמִּלְחָמָה עַתָּה
6 עַל־מִי בָטַחְתָּ כִּי מָרַדְתָּ בִּי׃ הִנֵּה בָטַחְתָּ עַל־מִשְׁעֶנֶת
הַקָּנֶה הָרָצוּץ הַזֶּה עַל־מִצְרַיִם אֲשֶׁר יִסָּמֵךְ אִישׁ עָלָיו וּבָא
בְכַפּוֹ וּנְקָבָהּ כֵּן פַּרְעֹה מֶלֶךְ־מִצְרַיִם לְכָל־הַבֹּטְחִים עָלָיו׃
7 וְכִי־תֹאמַר אֵלַי אֶל־יְהוָה אֱלֹהֵינוּ בָּטָחְנוּ הֲלוֹא הוּא אֲשֶׁר
הֵסִיר חִזְקִיָּהוּ אֶת־בָּמֹתָיו וְאֶת־מִזְבְּחֹתָיו וַיֹּאמֶר לִיהוּדָה
8 וְלִירוּשָׁלַםִ לִפְנֵי הַמִּזְבֵּחַ הַזֶּה תִּשְׁתַּחֲווּ׃ וְעַתָּה הִתְעָרֶב
נָא אֶת־אֲדֹנִי הַמֶּלֶךְ אַשּׁוּר וְאֶתְּנָה לְךָ אַלְפַּיִם סוּסִים אִם־
9 תּוּכַל לָתֶת לְךָ רֹכְבִים עֲלֵיהֶם׃ וְאֵיךְ תָּשִׁיב אֵת פְּנֵי
פַּחַת אַחַד עַבְדֵי אֲדֹנִי הַקְּטַנִּים וַתִּבְטַח לְךָ עַל־מִצְרַיִם
י לְרֶכֶב וּלְפָרָשִׁים׃ וְעַתָּה הֲמִבַּלְעֲדֵי יְהוָה עָלִיתִי עַל־
הָאָרֶץ הַזֹּאת לְהַשְׁחִיתָהּ יְהוָה אָמַר אֵלַי עֲלֵה אֶל־הָאָרֶץ

צוּ אַ פֶערְזַאמְלוּנְג פוּן װַאסֶער, אוּנְד דֶער דָארְשְׁטִיגֶער אָרְט צוּ װַאסֶער־קְװֶעלֶען, אִין דֶער װְאוֹינוּנְג פוּן דְרַאכֶען־שְׁלַאנְגֶען, אַװוּ זֵייא הָאבֶּען זִיךְ גֶעלַאגֶערְט װֶעט זֵיין גְרָאז מִיט רָאהְרֶען: 8 אוּנְד עֶס װֶעט זֵיין אַ הוֹיכְגֶעטְרֶעטֶענֶער װֶעג, אוּנְד עֶס װֶעט אָנְגֶערוּפֶען װֶערֶען דֶער הֵיילִיגֶער װֶעג, קֵיין טָמֵא װֶעט דָארְט אִיבֶּערְפָאהְרֶען, נֵייעֶרְט עֶס אִיז נוּר פַאר זָאלְכֶע, װָאס גֶעהְן אוֹיף דֶעם װֶעג, אַפִּילוּ דִיא נַארֶען—װֶעלֶען זִיךְ אוֹיךְ נִיט פֶערְאִירֶען: 9 דָארְט װֶעט נִיט זֵיין קֵיין לֵייבּ, אוּנְד קֵיינֶע שְׁטַארְקֶע װִילְדֶע חַיּוֹת װֶעלֶען נִיט דַארוֹיף גֶעהְן, זֵייא װֶעלֶען נִיט דָארְט גֶעפוּנֶען װֶערֶען נֵייעֶרְט דִיא אוֹיסְגֶעלֶעזְטֶע װֶעלֶען דָארְט גֶעהְן: 10 אוּנְד דִיא אוֹיסְגֶעלֶעזְטֶע פוּן דֶעם הַאר װֶעלֶען צוּרִיקְקֶעהְרֶען, אוּנְד זֵייא װֶעלֶען קוּמֶען קֵיין צִיוֹן מִיט גֶעזַאנְג, אוּנְד עֶבִּיגֶע פְרֵייד װֶעט זֵיין אוֹיף זֵיירֶע קֶעפּ, פְרֶעלִיכְקֵייט אוּנְד שִׂמְחָה װֶעט זֵייא דֶערְגְרֵייכֶען, אוּנְד טְרוֹירִיגְקֵייט אוּנְד זִיפְצֶען װֶעלֶען אַנְטְלוֹיפֶען:

## קאפיטעל לו

1 אוּנְד עֶס אִיז גֶעװֶעזֶען אִין דֶעם פִירְצֶעהְנְטֶען יָאהְר פוּן דֶעם מֶלֶךְ חִזְקִיָּהוּ, אַזוֹי אִיז סַנְחֵרִיב, דֶער מֶלֶךְ פוּן אַשּׁוּר אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען קֶעגֶען אַלֶע פֶעסְטֶע שְׁטֶעט פוּן יְהוּדָה, אוּנְד עֶר הָאט זֵייא אֵיינְגֶענוּמֶען: 2 אוּנְד דֶער מֶלֶךְ פוּן אַשּׁוּר הָאט גֶעשִׁיקְט דֶעם רַבְשָׁקֵה אוֹיס לָכִישׁ קֵיין יְרוּשָׁלַיִם צוּ דֶעם מֶלֶךְ חִזְקִיָּהוּ מִיט אַ גְרוֹיס חַיִל, אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ אַהִינְגֶעשְׁטֶעלְט בֵּייא דֶעם גְרוּבֶּען פוּן דֶעם אוֹיבֶּערְשְׁטֶען טֵייךְ, װָאס אִיז אוֹיף דֶעם גֶעטְרֶעטֶענֶעם װֶעג פוּן דֶעם װַאשֶׁער־פֶעלְד: 3 אוּנְד אֶלְיָקִים זוּהְן פוּן חִלְקִיָּהוּ, װָאס אִיז אִיבֶּער דֶעם הוֹיז, אוּנְד שֶׁבְנָה דֶער שְׁרֵייבֶּער, אוּנְד יוֹאָח דֶער זוּהְן פוּן אָסָף, דֶער קַאנְצְלֶער, זֶענֶען צוּ אִיהְם אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען: 4 אוּנְד רַבְשָׁקֵה הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, זָאגְט דָאךְ צוּ חִזְקִיָּהוּ, אַזוֹי זָאגְט דֶער גְרוֹיסֶער מֶלֶךְ, דֶער מֶלֶךְ פוּן אַשּׁוּר, װָאס אִיז דִיא דָאזִיגֶע פֶערְזִיכֶערוּנְג װָאס דוּא הָאסְט דִיךְ (דֶערְמִיט) פֶערְזִיכֶערְט? 5 אִיךְ זָאג—זָאגְסְט דוּא (אָבֶּער עֶס אִיז נָאר אַ װָארְט מִיט דִיא לִיפֶּען) אִיךְ הָאבּ עֵצָה אוּנְד שְׁטַארְקֵייט מִלְחָמָה צוּ הַאלְטֶען,—אָבֶּער אַצוּנְד אוֹיף װֶעמֶען הָאסְט דוּא דִיךְ פֶערְזִיכֶערְט, דָאס דוּא הָאסְט קֶעגֶען מִיר מוֹרֵד גֶעװֶעזֶען? 6 זֶעה, דוּא הָאסְט דִיךְ פֶערְזִיכֶערְט אוֹיף דִיא שְׁטִיצֶע פוּן דֶעם דָאזִיגֶען צוּבְּרָאכֶענֶעם שְׁטֶעקֶען, אוֹיף מִצְרַיִם, דָאס װֶען אַ מֶענְשׁ זָאל זִיךְ אוֹיף אִיהְם אָנְשְׁפַּארֶען, אַזוֹי װֶעט עֶר קוּמֶען אִין זֵיינֶע הַאנְד אוּנְד עֶס װֶעט אִיהְם דוּרְכְשְׁטֶעכֶען, אַזוֹי אִיז פַּרְעֹה דֶער קֶענִיג פוּן מִצְרַיִם צוּ אַלֶע דִיא װָאס פֶערְזִיכֶערֶען זִיךְ אוֹיף אִיהְם: 7 אוּנְד װֶען דוּא װֶעסְט צוּ מִיר זָאגֶען, מִיר פֶערְלָאזֶען זִיךְ אוֹיף דֶעם הַאר, אוּנְזֶער גָאט, אִיז עֶס נִיט דֶער װָאס חִזְקִיָּהוּ הָאט אָפְּגֶעטְהוּן זֵיינֶע בָּמוֹת אוּנְד זֵיינֶע מִזְבְּחוֹת, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט צוּ יְהוּדָה אוּנְד צוּ יְרוּשָׁלַיִם פַאר דֶעם דָאזִיגֶען מִזְבֵּחַ װָאס אִיז אִין יְרוּשָׁלַיִם זָאלְט אִיהְר אֵייךְ בִּיקֶען? 8 אוּנְד אַצוּנְד גֶעט דָאךְ אֵיין עֵרֶב צוּ מֵיין הַאר דֶעם קֶענִיג פוּן אַשּׁוּר, אוּנְד אִיךְ װֶעל דִיר גֶעבֶּען צְװֵייא טוֹיזֶענְד פֶערְד, אוֹיבּ דוּא װֶעסְט קֶענֶען גֶעבֶּען אוֹיף זֵייא רֵייטֶער: 9 אוּנְד װִיא אַזוֹי װֶעסְט דוּא אוּמְקֶעהְרֶען דָאס פָּנִים פוּן דֶעם הוֹיפְּט־מַאן, (אָדֶער) אֵיינֶעם פוּן דִיא קְלֶענְסְטֶע קְנֶעכְט פוּן מֵיין הַאר? אוּנְד דוּא הָאסְט דִיךְ פֶערְזִיכֶערְט אוֹיף מִצְרַיִם, אוֹיף רֵייטְװֶעגֶען אוּנְד רֵייטֶער? 10 אַצוּנְד, בִּין אִיךְ דֶען אָהְן דֶעם הַאר אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען קֶעגֶען דֶעם דָאזִיגֶען אָרְט עֶס צוּ פֶערְדַארְבֶּען? דֶער הַאר הָאט צוּ מִיר גֶעזָאגְט, גֶעה אַרוֹיף, קֶעגֶען דֶעם דָאזִיגֶען לַאנְד,

11 הזאת והשחיתה: ויאמר אליקים ושבנא ויואח אל־
רבשקה דבר־נא אל־עבדיך ארמית כי שמעים אנחנו
ואל־תדבר אלינו יהודית באזני העם אשר על־החומה:
12 ויאמר רבשקה האל אדניך ואליך שלחני אדני לדבר
את־הדברים האלה הלא על־האנשים הישבים על־
החומה לאכל את־חראיהם ולשתות את־שיניהם עמכם:
13 ויעמד רבשקה ויקרא בקול־גדול יהודית ויאמר שמעו
14 את־דברי המלך הגדול מלך אשור: כה אמר המלך
טו אל־ישא לכם חזקיהו כי לא־יוכל להציל אתכם: ואל־
יבטח אתכם חזקיהו אל־יהוה לאמר הצל יצילנו יהוה
16 לא תנתן העיר הזאת ביד מלך אשור: אל־תשמעו
אל־חזקיהו כי כה אמר המלך אשור עשו אתי ברכה
וצאו אלי ואכלו איש־גפנו ואיש תאנתו ושתו איש מי־
17 בורו: עד־באי ולקחתי אתכם אל־ארץ כארצכם ארץ
18 דגן ותירוש ארץ לחם וכרמים: פן־יסית אתכם חזקיהו
לאמר יהוה יצילנו ההצילו אלהי הגוים איש את־ארצו
19 מיד מלך אשור: איה אלהי חמת וארפד איה אלהי
כ ספרוים וכי־הצילו את־שמרון מידי: מי בכל־אלהי
הארצות האלה אשר־הצילו את־ארצם מידי כי־יציל
21 יהוה את־ירושלם מידי: ויחרישו ולא־ענו אתו דבר
22 כי־מצות המלך היא לאמר לא תענהו: ויבא אליקים
בן־חלקיהו אשר־על־הבית ושבנא הספר ויואח בן־
אסף המזכיר אל־חזקיהו קרועי בגדים ויגידו לו את
דברי רבשקה:

לז

א ויהי כשמע המלך חזקיהו ויקרע את־בגדיו ויתכס בשק
2 ויבא בית יהוה: וישלח את־אליקים אשר־על־הבית

אונד פערדארב עס: 11 אונד אליקים דער זוהן פון חלקיהו האט געזאגט, אונד אויך שבנה אונד יואח, צו רבשקה, רעד דאך צו דיינע קנעכט ארמית, וואָרין מיר פארשטעהען, אָבער דו זאָלסט מיט אונס ניט רעדען יודיש אין דיא אויערען פון דעם פאלק וואס זענען אויף דיא מויער: 12 אונד רבשקה האט צו זייא געזאגט, צו וועגען דיין האר אונד צו וועגען דיר, האט מיך מיין האר געשיקט צו רעדען דיא דאזיגע ווערטער? איז עס ניט אויך צו דיא מענשען וואס זיצען אויף דיא מויער, דאס זייא וועלען עסען זייער צואה, אונד טרינקען זייער השתנה מיט אייך: 13 אונד רבשקה האט זיך געשטעלט, אונד ער האט גערופען מיט א הויך קול אויף יודיש, אונד ער האט גערעט, אונד געזאגט, הערט דאס וואָרט פון דעם גרויסען קעניג, דעם קעניג פון אשור: 14 אזוי האט דער קעניג געזאגט, לאז אייך חזקיהו ניט גענארען, וואָרין ער וועט אייך ניט קענען מציל זיין: 15 אונד לאז אייך חזקיהו ניט פערזיכערען אויף דעם האר, אזוי צו זאגען, דער האר וועט אונס מציל זיין, אונד דיא דאזיגע שטאט וועט ניט געגעבען ווערען אין דיא האנד פון דעם קעניג פון אשור: 16 איהר זאָלט ניט הארכען צו חזקיהו, וואָרין אזוי האט געזאגט דער קעניג פון אשור, מאכט מיט מיר שלום, אונד קומט ארויס צו מיר, אזוי וועט איהר איטליכער עסען פון זיין ווייגשטאק אונד פון זיין פייגענבוים, אונד טרינקט איטליכער דאס וואסער פון זיין ברונען: 17 ביז איך וועל קומען, אונד איך וועל אייך נעמען אין א לאנד אזוי וויא אייער לאנד, א לאנד פון קארן אונד וויין, א לאנד פון ברויט אונד ווייגגערטען: 18 טאמער וועט אייך חזקיהו איבערערעדען אזוי צו זאגען, גאט וועט אונס מציל זיין; האבען דען דיא געטער פון דיא פעלקער מציל געוועזען, איטליכען זיין לאנד פון דיא האנד פון דעם קעניג פון אשור? 19 וואו זענען דיא געטער פון חמת אונד ארפד? וואו זענען דיא געטער פון ספרוים? האבען זייא דען שמרון מציל געוועזען פון מיינע האנד? 20 ווער איז אונטער אלע געטער פון דיא לענדער, וואס זייא האבען מציל געוועזען זייער לאנד פון מיינע האנד? דאס דער האר זאל ירושלים מציל זיין פון מיינע האנד? 21 אונד דאס פאלק האט געשוויגען, אונד זייא האבען איהם קיין וואָרט ניט געענטפערט, וואָרין דאס האט דער קעניג געבאטען, אזוי צו זאגען, איהר זאָלט איהם ניט ענטפערען: 22 אונד אליקים דער זוהן פון חלקיהו וואס איז איבער דעם הויז, אונד שבנה דער שרייבער, אונד יואח דער זוהן פון אסף דער קאנצלער, זענען געקומען צו חזקיהו, מיט צוריסענע קליידער, אונד זייא האבען איהם געזאגט דיא ווערטער פון רבשקה:

קאפיטעל לז

1 אונד עס איז געוועזען ווען חזקיהו המלך האט דאס געהערט, אזוי האט ער צוריסען זיינע קליידער, אונד ער האט זיך בעדעקט מיט א זאק, אונד ער איז געקומען אין דעם הויז פון גאט: 2 אונד ער האט געשיקט אליקים וואס איז געוועזען איבער דעם הויז,

אונד

אונד שבנה דער שרייבער אונד דיא עלצטע כהנים, בעדעקט מיט זעק, צו ישעיהו הנביא זוהן פון אמוץ: 3 אונד זייא האבען צו איהם געזאגט, אזוי האט געזאגט חזקיהו, עס איז א טאג פון נויטה, אונד לעסטערונג אונד דערצארנונג איז דער דאזיגער טאג, וואריין דיא קינדער זענען געקומען ביז צו דעם געבורטשטוהל, אונד קיינע קראפט איז ניט דא צו געווינען: 4 טאמער וועט דער האר דיין גאט הערען דיא ווערטער פון רבשקה וואס דער קעניג פון אשור זיין האר האט איהם געשיקט, צו לעסטערען דעם לעבעדיגען גאט, אונד ער האט געלעסטערט מיט ווערטער, וואס דער האר דיין גאט האט געהערט, אזוי זאלסט דוא אויפהעבען א געבעט וועגען דיא איבערגעבליבענע, וואס עס וועט נאך געפונען ווערען: 5 אונד דיא קנעכט פון דעם קעניג חזקיהו זענען געקומען צו ישעיה: 6 אונד ישעיהו האט צו זייא געזאגט, אזוי זאלט איהר זאגען צו אייער האר, אזוי האט דער האר געזאגט, דוא זאלסט ניט מורא האבען פאר דיא ווערטער וואס דוא האסט געהערט, וואס דיא יונגען פון דעם קעניג פון אשור האבען מיך געלעסטערט: 7 זעה, איך וועל איהם געבען א גייסט אונד ער וועט הערען א בשורה, אונד ער וועט זיך צוריקקעהרען צו זיין לאנד, אונד איך וועל איהם לאזען פאלען דורך דעם שווערד אין זיין לאנד: 8 אונד ווען רבשקה האט זיך צוריקגעקעהרט, אזוי האט ער געפונען דעם קעניג פון אשור מלחמה האלטען קעגען לבנה, וואריין ער האט געהערט דאס ער האט זיך אפגעצויגען פון לכיש: 9 אונד ער האט געהערט אויף תרהקה דעם קעניג פון כוש, אזוי צו זאגען, (זעה,) ער איז ארויסגעגאנגען מלחמה צו האלטען מיט דיר; אונד ווען ער האט עס געהערט אזוי האט ער געשיקט שלוחים צו חזקיהו, אזוי צו זאגען: 10 אזוי זאלט איהר זאגען צו חזקיהו דעם קעניג פון יהודה, אזוי צו זאגען, לאז דיך דיין גאט ניט איבעררעדען, וואס דוא פערזיכערסט דיך אויף איהם, אזוי צו זאגען, ירושלים וועט ניט געגעבען ווערען אין דיא האנד פון דעם קעניג פון אשור: 11 זעה, דוא האסט געהערט וואס דיא קעניגע פון אשור האבען געטהון צו אלע לענדער זייא צו פערוויסטען אונד זאלסט דוא ניצול ווערען? 12 האבען זייא דען דיא געטער פון דיא פעלקער מציל געוועזען, וואס מיינע עלטערן האבען זייא פערדארבען? גוזן אונד חרן, אונד רצף, אונד בני עדן, וואס איז אין תלשר? 13 וואו איז דער קעניג פון חמת? אונד דער קעניג פון ארפד? אונד דער קעניג פון דיא שטעט ספרוים, הנע אונד עוה? 14 אונד חזקיהו האט גענומען דיא בריף פון דיא האנד פון דיא שלוחים אונד ער האט זייא געלעזען, אונד ער איז ארויפגעגאנגען אין דעם הויז פון דעם האר, אונד חזקיהו האט זייא (דיא בריף) פערשפרייט פאר דעם האר: 15 אונד חזקיהו האט געבעטען צו דעם האר, אונד ער האט געזאגט: 16 א האר צבאות, גאט פון ישראל וואס זיצט איבער דיא כרובים, דוא אליין ביסט גאט אונטער אלע קעניגרייכע פון דער ערד, דוא האסט געמאכט דעם הימעל אונד דיא ערד: 17 נייג דיין אויער, א האר, אונד הער צו, עפען דיינע אויגען א האר

וְאֵת ׀ שֶׁבְנָא הַסּוֹפֵר וְאֵת זִקְנֵי הַכֹּהֲנִים מִתְכַּסִּים בַּשַּׂקִּים
3 אֶל־יְשַׁעְיָהוּ בֶן־אָמוֹץ הַנָּבִיא׃ וַיֹּאמְרוּ אֵלָיו כֹּה אָמַר
חִזְקִיָּהוּ יוֹם־צָרָה וְתוֹכֵחָה וּנְאָצָה הַיּוֹם הַזֶּה כִּי־בָאוּ בָנִים
4 עַד־מַשְׁבֵּר וְכֹחַ אַיִן לְלֵדָה׃ אוּלַי יִשְׁמַע יְהוָה אֱלֹהֶיךָ
אֵת ׀ דִּבְרֵי רַבְשָׁקֵה אֲשֶׁר שְׁלָחוֹ מֶלֶךְ־אַשּׁוּר ׀ אֲדֹנָיו לְחָרֵף
אֱלֹהִים חַי וְהוֹכִיחַ בַּדְּבָרִים אֲשֶׁר שָׁמַע יְהוָה אֱלֹהֶיךָ
ה וְנָשָׂאתָ תְפִלָּה בְּעַד הַשְּׁאֵרִית הַנִּמְצָאָה׃ וַיָּבֹאוּ עַבְדֵי
6 הַמֶּלֶךְ חִזְקִיָּהוּ אֶל־יְשַׁעְיָהוּ׃ וַיֹּאמֶר אֲלֵיהֶם יְשַׁעְיָהוּ כֹּה
תֹאמְרוּן אֶל־אֲדֹנֵיכֶם כֹּה ׀ אָמַר יְהוָה אַל־תִּירָא מִפְּנֵי
הַדְּבָרִים אֲשֶׁר שָׁמַעְתָּ אֲשֶׁר גִּדְּפוּ נַעֲרֵי מֶלֶךְ־אַשּׁוּר אוֹתִי׃
7 הִנְנִי נוֹתֵן בּוֹ רוּחַ וְשָׁמַע שְׁמוּעָה וְשָׁב אֶל־אַרְצוֹ וְהִפַּלְתִּיו
8 בַּחֶרֶב בְּאַרְצוֹ׃ וַיָּשָׁב רַבְשָׁקֵה וַיִּמְצָא אֶת־מֶלֶךְ אַשּׁוּר
9 נִלְחָם עַל־לִבְנָה כִּי שָׁמַע כִּי נָסַע מִלָּכִישׁ׃ וַיִּשְׁמַע עַל־
תִּרְהָקָה מֶלֶךְ־כּוּשׁ לֵאמֹר יָצָא לְהִלָּחֵם אִתָּךְ וַיִּשְׁמַע וַיִּשְׁלַח
י מַלְאָכִים אֶל־חִזְקִיָּהוּ לֵאמֹר׃ כֹּה תֹאמְרוּן אֶל־חִזְקִיָּהוּ
מֶלֶךְ־יְהוּדָה לֵאמֹר אַל־יַשִּׁאֲךָ אֱלֹהֶיךָ אֲשֶׁר אַתָּה בּוֹטֵחַ
11 בּוֹ לֵאמֹר לֹא תִנָּתֵן יְרוּשָׁלַםִ בְּיַד מֶלֶךְ אַשּׁוּר׃ הִנֵּה ׀
אַתָּה שָׁמַעְתָּ אֲשֶׁר עָשׂוּ מַלְכֵי אַשּׁוּר לְכָל־הָאֲרָצוֹת
12 לְהַחֲרִימָם וְאַתָּה תִּנָּצֵל׃ הַהִצִּילוּ אוֹתָם אֱלֹהֵי הַגּוֹיִם
אֲשֶׁר הִשְׁחִיתוּ אֲבוֹתַי אֶת־גּוֹזָן וְאֶת־חָרָן וְרֶצֶף וּבְנֵי־עֶדֶן
13 אֲשֶׁר בִּתְלַשָּׂר׃ אַיֵּה מֶלֶךְ־חֲמָת וּמֶלֶךְ אַרְפָּד וּמֶלֶךְ לָעִיר
14 סְפַרְוָיִם הֵנַע וְעִוָּה׃ וַיִּקַּח חִזְקִיָּהוּ אֶת־הַסְּפָרִים מִיַּד
הַמַּלְאָכִים וַיִּקְרָאֵהוּ וַיַּעַל בֵּית יְהוָה וַיִּפְרְשֵׂהוּ חִזְקִיָּהוּ
טו 16 לִפְנֵי יְהוָה׃ וַיִּתְפַּלֵּל חִזְקִיָּהוּ אֶל־יְהוָה לֵאמֹר׃ יְהוָה
צְבָאוֹת אֱלֹהֵי יִשְׂרָאֵל יֹשֵׁב הַכְּרֻבִים אַתָּה־הוּא הָאֱלֹהִים
לְבַדְּךָ לְכֹל מַמְלְכוֹת הָאָרֶץ אַתָּה עָשִׂיתָ אֶת־הַשָּׁמַיִם
17 וְאֶת־הָאָרֶץ׃ הַטֵּה יְהוָה ׀ אָזְנְךָ וּשְׁמָע פְּקַח יְהוָה עֵינֶךָ

וּרְאֵה וּשְׁמַע אֵת כָּל־דִּבְרֵי סַנְחֵרִיב אֲשֶׁר שָׁלַח לְחָרֵף
18 אֱלֹהִים חָי׃ אָמְנָם יְהוָה הֶחֱרִיבוּ מַלְכֵי אַשּׁוּר אֶת־כָּל־
19 הָאֲרָצוֹת וְאֶת־אַרְצָם׃ וְנָתֹן אֶת־אֱלֹהֵיהֶם בָּאֵשׁ כִּי לֹא
אֱלֹהִים הֵמָּה כִּי אִם־מַעֲשֵׂה יְדֵי־אָדָם עֵץ וָאֶבֶן וַיְאַבְּדוּם׃
כ וְעַתָּה יְהוָה אֱלֹהֵינוּ הוֹשִׁיעֵנוּ מִיָּדוֹ וְיֵדְעוּ כָּל־מַמְלְכוֹת
21 הָאָרֶץ כִּי־אַתָּה יְהוָה לְבַדֶּךָ׃ וַיִּשְׁלַח יְשַׁעְיָהוּ בֶן־אָמוֹץ
אֶל־חִזְקִיָּהוּ לֵאמֹר כֹּה־אָמַר יְהוָה אֱלֹהֵי יִשְׂרָאֵל אֲשֶׁר
22 הִתְפַּלַּלְתָּ אֵלַי אֶל־סַנְחֵרִיב מֶלֶךְ אַשּׁוּר׃ זֶה הַדָּבָר אֲשֶׁר־
דִּבֶּר יְהוָה עָלָיו בָּזָה לְךָ לָעֲגָה לְךָ בְּתוּלַת בַּת־צִיּוֹן
23 אַחֲרֶיךָ רֹאשׁ הֵנִיעָה בַּת יְרוּשָׁלָםִ׃ אֶת־מִי חֵרַפְתָּ וְגִדַּפְתָּ
וְעַל־מִי הֲרִימוֹתָה קּוֹל וַתִּשָּׂא מָרוֹם עֵינֶיךָ אֶל־קְדוֹשׁ
24 יִשְׂרָאֵל׃ בְּיַד עֲבָדֶיךָ חֵרַפְתָּ ׀ אֲדֹנָי וַתֹּאמֶר בְּרֹב רִכְבִּי
אֲנִי עָלִיתִי מְרוֹם הָרִים יַרְכְּתֵי לְבָנוֹן וְאֶכְרֹת קוֹמַת אֲרָזָיו
כה מִבְחַר בְּרֹשָׁיו וְאָבוֹא מְרוֹם קִצּוֹ יַעַר כַּרְמִלּוֹ׃ אֲנִי
קַרְתִּי וְשָׁתִיתִי מָיִם וְאַחְרִב בְּכַף־פְּעָמַי כֹּל יְאֹרֵי מָצוֹר׃
26 הֲלוֹא־שָׁמַעְתָּ לְמֵרָחוֹק אוֹתָהּ עָשִׂיתִי מִימֵי קֶדֶם וִיצַרְתִּיהָ
עַתָּה הֲבֵאתִיהָ וּתְהִי לְהַשְׁאוֹת גַּלִּים נִצִּים עָרִים בְּצֻרוֹת׃
27 וְיֹשְׁבֵיהֶן קִצְרֵי־יָד חַתּוּ וָבֹשׁוּ הָיוּ עֵשֶׂב שָׂדֶה וִירַק דֶּשֶׁא
28 חֲצִיר גַּגּוֹת וּשְׁדֵמָה לִפְנֵי קָמָה׃ וְשִׁבְתְּךָ וְצֵאתְךָ וּבוֹאֲךָ
29 יָדָעְתִּי וְאֵת הִתְרַגֶּזְךָ אֵלָי׃ יַעַן הִתְרַגֶּזְךָ אֵלַי וְשַׁאֲנַנְךָ
עָלָה בְאָזְנָי וְשַׂמְתִּי חַחִי בְּאַפֶּךָ וּמִתְגִּי בִּשְׂפָתֶיךָ וַהֲשִׁבֹתִיךָ
ל בַּדֶּרֶךְ אֲשֶׁר־בָּאתָ בָּהּ׃ וְזֶה־לְּךָ הָאוֹת אָכוֹל הַשָּׁנָה סָפִיחַ
וּבַשָּׁנָה הַשֵּׁנִית שָׁחִים וּבַשָּׁנָה הַשְּׁלִישִׁית זִרְעוּ וְקִצְרוּ
31 וְנִטְעוּ כְרָמִים וְאִכְלוּ פִּרְיָם׃ וְיָסְפָה פְּלֵיטַת בֵּית־יְהוּדָה
32 הַנִּשְׁאָרָה שֹׁרֶשׁ לְמָטָּה וְעָשָׂה פְרִי לְמָעְלָה׃ כִּי מִירוּשָׁלַםִ
תֵּצֵא שְׁאֵרִית וּפְלֵיטָה מֵהַר צִיּוֹן קִנְאַת יְהוָה צְבָאוֹת
33 תַּעֲשֶׂה־זֹּאת׃ לָכֵן כֹּה־אָמַר יְהוָה אֶל־מֶלֶךְ אַשּׁוּר

אונד זעה, אונד הער דיא ווערטער פון סנחריב, וואס ער האט איהם געשיקט צו לעסטערן דעם לעבעדיגען גאט! 18 עס איז וואהר, האר, דאס דיא קעניגע פון אשור האבען וויסט געמאכט דיא פעלקער, אונד זייער לאנד: 19 אונד זייא האבען געגעבען זייערע געטער אין דעם פייער, וואריין זייא זענען קיינע געטער ניט געוועזען, נייערט דיא ווערק פון מענשען־הענד, האלצערנע אונד שטיינערנע, דארום האבען זייא זייא פערטיליגט: 20 אונד אצונד, א האר אונזער גאט, העלף אונס דאך פון זיינע האנד, אונד לאזען אלע קעניגרייכע פון דער ערד וויסען, דאס דוא אליין ביזט האר: 21 אונד ישעיהו זוהן פון אמוץ האט געשיקט צו חזקיהו, אזוי צו זאגען, אזוי האט געזאגט דער האר, דער גאט פון ישראל, דאס וואס דוא האסט געבעטען צו מיר וועגען סנחריב דעם קעניג פון אשור (האב איך געהערט): 22 דאס איז דאס ווארט, וואס דער האר האט גערעט וועגען איהם, זיא פערשעמט דיך, זיא שפעט פון דיר, דיא יונגפרוי דיא טאכטער פון ציון, זיא שאקעלט הינטער דיר מיט דעם קאפ, דיא טאכטער פון ירושלים: 23 וועמען האסט דוא געלעסטערט, אונד אויף וועמען האסט דוא אויפגעהויבען א קול? אונד דוא האסט דיינע אויגען דערהויבען אין דער הייך, קעגען דעם הייליגען פון ישראל? 24 דורך דיינע קנעכט האסט דוא געלעסטערט דעם האר, אונד דוא האסט געזאגט, מיט מיינע פילע רייטוועגען, בין איך ארויפגעגאנגען אויף דיא הייך פון דיא בערג, אויף דיא זייטען פון לבנון, אונד איך וועל אפשניידען זיינע הויכע צעדערביימער, זיינע בעסטע טענענביימער, אונד איך וועל קומען אן זיין עק פון זיין וואלד כרמל: 25 איך האב געגרובען אונד אויסגעטרונקען דאס פרעמדע וואסער, אונד איך וועל אויסטריקענען מיט מיינע פוס־טריט, אלע טייכען פון דער פעסטונג: 26 האסט דוא עס דען ניט געהערט פון לאנג אן, דאס איך האב דאס געטהון, פון פארצייטיגע יאהרען, אונד איך האב זייא בעשאפען? אצונד האב איך עס געבראכט כדי צו פערוויסטען דיא פעסטע שטעט אז זייא זאלען זיין גלייך וויא הויפען ערד: 27 אונד זייערע איינוואוינער זענען אהן קראפט, זייא האבען זיך דערשראקען אונד זענען פערשעמט געווארען, זייא זענען געווארען אזוי וויא גראז פון דעם פעלד, וויא גרין גראז, וויא גראז וואס וואכסט אויף דיא דעכער, אונד וויא פערדארטע זאנגען, איידער עס ווערט צייטיג: 28 אונד דיין זיצען, אונד דיין ארויסגיין אונד דיין אריינקומען, ווייס איך, אונד אויך דיין צארנען קעגען מיר: 29 ווייל דיין צארנען קעגען מיר, אונד דיין שטאלץ איז ארויפגעגאנגען אין מיינע אויערען, אזוי וועל איך טהון מיין רינג אן דיינע נאז, אונד מיין צוים אן דיינע ליפען, אונד איך וועל דיך צוריקקעהרען אין דעם וועג וואס דוא ביסט אויף איהם געקומען: 30 אונד דאס זאל צו דיר זיין דער צייכען, דאס יאהר וועט איהר עסען ווידערוואכסונג, אונד אין דעם צווייטען יאהר—ווילדע וואכסונג, אונד אין דעם דריטען יאהר וועט איהר זייען אונד שניידען, אונד פלאנצען וויינגערטען, אונד אויך עסען פירות: 31 אונד דיא אנטרונענע פון דעם הויז פון יהודה, דיא וואס זענען איבערגעבליבען, וועלען פערמעהרען הינטער זיך ווארצלען אונד וועלען איבער זיך פרוכט טראגען: 32 ווארין פון ירושלים וועט זיא ארויסגיין אין איינע איבערבלייבונג, אונד איינע אנטרינונג פון דעם בארג ציון, דיא קנאה פון דעם האר צבאות וועט דאס טהון: 33 דארום האט דער האר אזוי געזאגט אויף דעם קעניג פון אשור,

ער

לֹא יָבוֹא אֶל־הָעִיר הַזֹּאת וְלֹא־יוֹרֶה שָׁם חֵץ וְלֹא־יְקַדְּמֶנָּה
מָגֵן וְלֹא־יִשְׁפֹּךְ עָלֶיהָ סֹלְלָה׃ בַּדֶּרֶךְ אֲשֶׁר־בָּא בָּהּ יָשׁוּב 34
וְאֶל־הָעִיר הַזֹּאת לֹא יָבוֹא נְאֻם־יְהוָה׃ וְגַנּוֹתִי עַל־הָעִיר לה
הַזֹּאת לְהוֹשִׁיעָהּ לְמַעֲנִי וּלְמַעַן דָּוִד עַבְדִּי׃ וַיֵּצֵא ׀ מַלְאַךְ 36
יְהוָה וַיַּכֶּה בְּמַחֲנֵה אַשּׁוּר מֵאָה וּשְׁמֹנִים וַחֲמִשָּׁה אָלֶף
וַיַּשְׁכִּימוּ בַבֹּקֶר וְהִנֵּה כֻלָּם פְּגָרִים מֵתִים׃ וַיִּסַּע וַיֵּלֶךְ 37
וַיָּשָׁב סַנְחֵרִיב מֶלֶךְ־אַשּׁוּר וַיֵּשֶׁב בְּנִינְוֵה׃ וַיְהִי הוּא 38
מִשְׁתַּחֲוֶה בֵּית ׀ נִסְרֹךְ אֱלֹהָיו וְאַדְרַמֶּלֶךְ וְשַׂרְאֶצֶר בָּנָיו
הִכֻּהוּ בַחֶרֶב וְהֵמָּה נִמְלְטוּ אֶרֶץ אֲרָרָט וַיִּמְלֹךְ אֵסַר־חַדֹּן
בְּנוֹ תַּחְתָּיו׃

## לח

לח

בַּיָּמִים הָהֵם חָלָה חִזְקִיָּהוּ לָמוּת וַיָּבוֹא אֵלָיו יְשַׁעְיָהוּ א
בֶן־אָמוֹץ הַנָּבִיא וַיֹּאמֶר אֵלָיו כֹּה־אָמַר יְהוָה צַו לְבֵיתֶךָ
כִּי מֵת אַתָּה וְלֹא תִחְיֶה׃ וַיַּסֵּב חִזְקִיָּהוּ פָּנָיו אֶל־הַקִּיר 2
וַיִּתְפַּלֵּל אֶל־יְהוָה׃ וַיֹּאמַר אָנָּה יְהוָה זְכָר־נָא אֵת אֲשֶׁר 3
הִתְהַלַּכְתִּי לְפָנֶיךָ בֶּאֱמֶת וּבְלֵב שָׁלֵם וְהַטּוֹב בְּעֵינֶיךָ עָשִׂיתִי
וַיֵּבְךְּ חִזְקִיָּהוּ בְּכִי גָדוֹל׃ וַיְהִי דְּבַר־יְהוָה אֶל־יְשַׁעְיָהוּ 4
לֵאמֹר׃ הָלוֹךְ וְאָמַרְתָּ אֶל־חִזְקִיָּהוּ כֹּה־אָמַר יְהוָה אֱלֹהֵי ה
דָּוִד אָבִיךָ שָׁמַעְתִּי אֶת־תְּפִלָּתֶךָ רָאִיתִי אֶת־דִּמְעָתֶךָ הִנְנִי
יוֹסִף עַל־יָמֶיךָ חֲמֵשׁ עֶשְׂרֵה שָׁנָה׃ וּמִכַּף מֶלֶךְ־אַשּׁוּר 6
אַצִּילְךָ וְאֵת הָעִיר הַזֹּאת וְגַנּוֹתִי עַל־הָעִיר הַזֹּאת׃ וְזֶה־ 7
לְּךָ הָאוֹת מֵאֵת יְהוָה אֲשֶׁר יַעֲשֶׂה יְהוָה אֶת־הַדָּבָר הַזֶּה
אֲשֶׁר דִּבֵּר׃ הִנְנִי מֵשִׁיב אֶת־צֵל הַמַּעֲלוֹת אֲשֶׁר יָרְדָה 8
בְמַעֲלוֹת אָחָז בַּשֶּׁמֶשׁ אֲחֹרַנִּית עֶשֶׂר מַעֲלוֹת וַתָּשָׁב הַשֶּׁמֶשׁ
עֶשֶׂר מַעֲלוֹת בַּמַּעֲלוֹת אֲשֶׁר יָרָדָה׃ מִכְתָּב לְחִזְקִיָּהוּ 9
מֶלֶךְ־יְהוּדָה בַּחֲלֹתוֹ וַיְחִי מֵחָלְיוֹ׃ אֲנִי אָמַרְתִּי בִּדְמִי יָמַי י
אֵלֵכָה בְּשַׁעֲרֵי שְׁאוֹל פֻּקַּדְתִּי יֶתֶר שְׁנוֹתָי׃ אָמַרְתִּי לֹא־ 11
אֶרְאֶה יָהּ יָהּ בְּאֶרֶץ הַחַיִּים לֹא־אַבִּיט אָדָם עוֹד עִם־יוֹשְׁבֵי

ער וועט ניט אריינקומען אין דיא דאזיגע שטאט, אונד ער וועט ניט דארטען שיסען קיינע פייל, אונד ער וועט ניט קומען קעגען איהר מיט א שילד, אונד ער וועט ניט אויפשיטען אויף איהר א שאנץ (בארג ערד): 34 אין דעם וועג וואס ער איז געקומען, אויף איהם וועט ער זיך צוריקקעהרען, אונד צו דער דאזי־גער שטאט וועט ער ניט קומען, זאגט דער האר: 35 אונד איך וועל בעשיצען דיא דאזיגע שטאט, איהר צו העלפען, פון מיינעטוועגען, אונד פון וועגען מיין קנעכט דוד: 36 אונד עס איז געוועזען אין יענע נאכט, איז ארויסגעגאנגען א מלאך פון דעם האר, אונד ער האט גע־שלאגען אין דער מחנה פון אשור, הונדערט אונד פינף אונד אכציג טויזענד (מאן). אונד ווען זייא (יהודה) זענען אויפגעשטאנען אין דער פריה, אונד זעה, אלע זענען געוועזען טויטע פגרים: 37 אונד ער האט געצויגען אונד איז אוועקגעגאנגען, אונד סנחריב דער קעניג פון אשור האט זיך צוריקגעקעהרט, אונד האט זיך בעזעצט אין נינוה: 38 אונד עס איז געוועזען ווען ער האט זיך געבוקט אין דעם הויז פון ניסרוך זיין גאט, האבען אדרמלך אונד שראצר זיינע זיהן איהם בעשלאגען מיט דעם שווערד, אונד זייא זענען אנטרונען געווארען צו דעם לאנד אררט, אונד זיין זוהן אסר־חדון האט רעגירט אין זיינער שטעל:

## קאפיטעל לח

1 אין יענע טעג איז חזקיהו קראנק געווארען צו שטארבען, אזוי איז צו איהם געקו־מען ישעיהו זוהן פון אמוץ דער נביא, אונד ער האט צו איהם געזאגט, אזוי האט דער האר געזאגט, מאך א צוואה צו דיין הויז, ווארין דוא וועסט שטארבען, אונד דוא וועסט ניט לעבען בלייבען: 2 אונד חזקיהו האט געקעהרט זיין פנים צו דער וואנד, אונד ער האט געבעטען צו דעם האר: 3 אונד ער האט געזאגט, איך בעט דיך האר, געדענק דאך דאס איך בין געגאנגען פאר דיר מיט אמת אונד מיט מיין גאנצען הארץ, אונד איך האב געטהון וואס איז גוט אין דיינע אויגען. אונד חזקיהו האט געוויינט א גרויס געוויין: 4 אונד דאס ווארט פון גאט איז געוועזען צו ישעיהו, אזוי צו זאגען: 5 געה אהין, אונד דוא זאלסט זאגען צו חזקיהו, אזוי האט געזאגט דער האר, דער גאט פון דיין פאטער דוד, איך האב געהערט דיין געבעט, איך האב געזעהען דיינע טרערען, זעה, איך וועל אויף דיינע טעג מעהרען פופצעהן יאהר: 6 אונד פון דער האנד פון דעם קעניג פון אשור וועל איך דיך מציל זיין, אונד אויך דיא דאזיגע שטאט, אונד איך וועל בעשיצען דיא דאזיגע שטאט: 7 דאס איז דיר דאס צייכען פון דעם האר, דאס דער האר וועט דיא זאך טהון וואס ער האט גערעדט: 8 זעה איך וועל צוריקקערען דעם שאטען פון דיא שטאפעלן וואס איז ארופגעגאנגען אין דיא שטא־פעלן פון דעם זון־זייגער פון אחז צעהן שטאפעלן צוריק, אונד דיא זון האט זיך צוריקגעקעהרט צעהן שטאפעלן אויף דעם זון־זייגער וואס איז (שוין געוועזען) ארופגעגאנגען: 9 דאס איז דיא שריפט פון דעם מלך חזקיהו, ווען ער איז קראנק געוועזען, אונד ער איז געזונד געווארען פון זיינע קראנקהייט: 10 איך האב געמיינט אז אין דיא אפשניידונג פון מיינע טעג, וועל איך געהן צו דיא טויערען פון דעם שאול, איך בין געמינערט געווארען פון מיינע איבריגע יאהרען: 11 איך האב געזאגט, אז איך וועל ניט זעהען דעם האר, יא, דעם האר אין דעם לאנד פון דיא לעבעדיגע, איך וועל ניט מעהר אנקוקען א מענש בייא דיא בעוואוינער

פון

12 חֶדֶל: דּוֹרִי נִסַּע וְנִגְלָה מִנִּי כְּאֹהֶל רֹעִי קִפַּדְתִּי כָאֹרֵג
13 חַיַּי מִדַּלָּה יְבַצְּעֵנִי מִיּוֹם עַד־לַיְלָה תַּשְׁלִימֵנִי: שִׁוִּיתִי עַד־
בֹּקֶר כָּאֲרִי כֵּן יְשַׁבֵּר כָּל־עַצְמוֹתָי מִיּוֹם עַד־לַיְלָה
14 תַּשְׁלִימֵנִי: כְּסוּס עָגוּר כֵּן אֲצַפְצֵף אֶהְגֶּה כַּיּוֹנָה דַּלּוּ עֵינַי
טו לַמָּרוֹם יְהוָה עָשְׁקָה־לִּי עָרְבֵנִי: מָה־אֲדַבֵּר וְאָמַר־לִי
16 וְהוּא עָשָׂה אֶדַּדֶּה כָל־שְׁנוֹתַי עַל־מַר נַפְשִׁי: אֲדֹנָי עֲלֵיהֶם
17 יִחְיוּ וּלְכָל־בָּהֶן חַיֵּי רוּחִי וְתַחֲלִימֵנִי וְהַחֲיֵנִי: הִנֵּה לְשָׁלוֹם
מַר־לִי מָר וְאַתָּה חָשַׁקְתָּ נַפְשִׁי מִשַּׁחַת בְּלִי כִּי הִשְׁלַכְתָּ
18 אַחֲרֵי גֵוְךָ כָּל־חֲטָאָי: כִּי לֹא שְׁאוֹל תּוֹדֶךָּ מָוֶת יְהַלְלֶךָּ
19 לֹא־יְשַׂבְּרוּ יוֹרְדֵי־בוֹר אֶל־אֲמִתֶּךָ: חַי חַי הוּא יוֹדֶךָ כָּמוֹנִי
כ הַיּוֹם אָב לְבָנִים יוֹדִיעַ אֶל־אֲמִתֶּךָ: יְהוָה לְהוֹשִׁיעֵנִי וּנְגִנוֹתַי
21 נְנַגֵּן כָּל־יְמֵי חַיֵּינוּ עַל־בֵּית יְהוָה: וַיֹּאמֶר יְשַׁעְיָהוּ יִשְׂאוּ
22 דְּבֶלֶת תְּאֵנִים וְיִמְרְחוּ עַל־הַשְּׁחִין וְיֶחִי: וַיֹּאמֶר חִזְקִיָּהוּ
מָה אוֹת כִּי אֶעֱלֶה בֵּית יְהוָה:

# לט

לט

א בָּעֵת הַהִוא שָׁלַח מְרֹאדַךְ בַּלְאֲדָן בֶּן־בַּלְאֲדָן מֶלֶךְ־בָּבֶל
סְפָרִים וּמִנְחָה אֶל־חִזְקִיָּהוּ וַיִּשְׁמַע כִּי חָלָה וַיֶּחֱזָק:
2 וַיִּשְׂמַח עֲלֵיהֶם חִזְקִיָּהוּ וַיַּרְאֵם אֶת־בֵּית נְכֹתֹה אֶת־הַכֶּסֶף
וְאֶת־הַזָּהָב וְאֶת־הַבְּשָׂמִים וְאֵת ׀ הַשֶּׁמֶן הַטּוֹב וְאֵת כָּל־
בֵּית כֵּלָיו וְאֵת כָּל־אֲשֶׁר נִמְצָא בְּאוֹצְרֹתָיו לֹא־הָיָה דָבָר
3 אֲשֶׁר לֹא־הֶרְאָם חִזְקִיָּהוּ בְּבֵיתוֹ וּבְכָל־מֶמְשַׁלְתּוֹ: וַיָּבֹא
יְשַׁעְיָהוּ הַנָּבִיא אֶל־הַמֶּלֶךְ חִזְקִיָּהוּ וַיֹּאמֶר אֵלָיו מָה־אָמְרוּ ׀
הָאֲנָשִׁים הָאֵלֶּה וּמֵאַיִן יָבֹאוּ אֵלֶיךָ וַיֹּאמֶר חִזְקִיָּהוּ מֵאֶרֶץ
4 רְחוֹקָה בָּאוּ אֵלַי מִבָּבֶל: וַיֹּאמֶר מָה רָאוּ בְּבֵיתֶךָ וַיֹּאמֶר
חִזְקִיָּהוּ אֵת כָּל־אֲשֶׁר בְּבֵיתִי רָאוּ לֹא־הָיָה דָבָר אֲשֶׁר
ה לֹא־הִרְאִיתִים בְּאוֹצְרֹתָי: וַיֹּאמֶר יְשַׁעְיָהוּ אֶל־חִזְקִיָּהוּ שְׁמַע
6 דְּבַר־יְהוָה צְבָאוֹת: הִנֵּה יָמִים בָּאִים וְנִשָּׂא ׀ כָּל־אֲשֶׁר

פון דער וועלט: 12 מיין דור איז אוועק אונד פון מיר פערטריבען אזוי ווי א געצעלט פון א פאסטוך; איך האב מיין לעבען צוזאמענגעוויקעלט ווי א וועבער, ער וועט מיך אפשניידען ווי א פאדעם, פון טאג ביז נאכט וועסט דו פון מיר איין עק מאכען: 13 איך האב מיך פאר־געשטעלט ביז אין דער פריה, אזוי ווי א לייב האט ער צוברעכען אלע מיינע ביינער, פון טאג ביז נאכט וועסט דו פון מיר איין עק מאכען: 14 אזוי ווי א שוואלב אדער א קראניך אזוי טהוא איך פיפּצען, איך האב געקלאגט ווי א טויב, מיינע אויגען האבען זיך דערהויבען צו דער הייך, א האר, איך ווער אונטער־דריקט, זייא מיין ערב: 15 וואס זאל איך (נאך) רעדען? ווארין ער האט עס צו מיר געזאגט אונד ער האט עס אויך געטהון, איך וועל פערוואנגעלט ווערען, אונד אלע מיינע יאהרען וועט מיין נפש זיין אין ביטערקייט: 16 א האר, דורך זאלכעס לעבט מען, אונד אין דעם אלעם בעשטעהט דאס לעבען פון מיין גייסט, אונד אזוי וועסט דו מיך ווידער געזונד מאכען אונד לאזען לעבען: 17 זעה, (איך האב געהאפט) אויף שלום אבער עס איז מיר זעהר ביטער געוועזען, אבער דו האסט חשק געהאט צו מיין נפש כדי מיך ניט צו פערדארבען, ווארין דו האסט הינטער דיין ריקען אוועקגעווארפען אלע מיינע זינד: 18 ווארין אין דעם שאול קען מען דיר ניט דאנקען, דער טויטער לויבט דיך ניט, דיא וואס טהון אראפּנידערן אין דיא גרוב קענען ניט האפען אויף דיינע וואהר־הייט: 19 דער לעבעדיגער, יא דער לעבעדיגער דער וועט דיך לויבען, אזוי ווי איך טהוא היינטע, דער פאטער וועט צו דיא קינדער דיינע וואהרהייט וויסען לאזען: 20 דער האר איז דא מיר צו העלפען, דארום וועלען מיר זינגען מיינע געזאנג אלע טעג פון אונזער לעבען אין דעם הויז פון דעם האר: 21 אונד ישעיהו האט געזאגט, נעמט א פייגען פלאסטער אונד לעגט עס אויף דעם גרינד אזוי וועט ער געהיילט ווערען: 22 אונד חזקיהו האט געזאגט, וואס איז דאס צייכען אז איך וועל ארויפגיין אין דעם הויז פון דעם האר?

## קאפיטעל לט

1 אין יענער צייט האט מראדך בלאדן, דער זוהן פון בלאדן קעניג פון בבל געשיקט בריף אונד א מתנה צו חזקיהו, ווארין ער האט געהערט אז חזקיהו איז קראנק געוועזען אונד איז געזונד געווארען: 2 אונד חזקיהו האט זיך איבער זייא געפרייט אונד ער האט זייא גע־וויזען דאס גאנצע שאצהויז, דאס זילבער אונד דאס גאלד, אונד דאס געווירץ, אונד דאס גוטע אייל, אונד דאס גאנצע הויז פון זיינע כלים, אונד אלעם וואס האט זיך געפונען אין זיינע אוצרות, עס איז ניט געוועזען איינע זאך, וואס חזקיהו האט זייא ניט געוויזען אין זיין הויז, אונד אין זיינע גאנצע הערשאפט: 3 אונד ישעיהו הנביא איז געקומען צו דעם קעניג חזקיהו, אונד ער האט צו איהם געזאגט, וואס האבען דיר דיא דאזיגע מענשען געזאגט, אונד פון ווּאנען זענען זייא צו דיר געקומען? אונד חזקיהו האט געזאגט, זייא זענען גע־קומען פון א ווייט לאנד, פון בבל: 4 אונד ער האט געזאגט, וואס האבען זייא געזעהען אין דיין הויז? אונד חזקיהו האט געזאגט, אלעם וואס איז אין מיין הויז האבען זייא געזעהען עס איז ניט געוועזען איינע זאך, וואס איך האב זייא ניט געוויזען אין מיינע אוצרות: 5 אונד ישעיהו האט געזאגט צו חזקיהו, הער דאס ווארט פון דעם האר צבאות: 6 זעה, עס וועלען קומען טעג, אז אלעס וואס איז אין דיין הויז אונד וואס דיינע עלטערן האבען געזאמעלט

ביז

בִּיז צוּ דֶעם הַיינְטִיגֶען טָאג, וֶועט אַװעקְ־
גֶעפִיהְרְט װֶערֶען קֵיין בָּבֶל, עֶס װֶעט נִיט
אִיבֶּערבְּלֵייבֶּען אֵיינֶע זַאךְ, זָאגְט דֶער
הַאר: 7 אוּנְד פוּן דֵיינֶע קִינְדֶער װָאס
װֶעלֶען אַרוֹיסְגֵיין פוּן דִיר, װָאס דוּא
װִעסְט גֶעבֶּוִירֶען, װֶעלֶען זֵייא נֶעמֶען אוּנְד
זֵייא װֶעלֶען זֵיין הוֹיפְדִינֶער אִין דֶעם
פַּאלַאסְט פוּן דֶעם קֶענִיג פוּן בָּבֶל: 8 אוּנְד
חִזְקִיָהוּ הָאט גֶעזָאגְט צוּ יְשַׁעְיָהוּ, עֶס אִיז
גוּט דָאס װָארְט פוּן דֶעם הַאר װָאס דוּא
הָאסְט גֶערֶעט, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט,
לָאז דָאךְ נָאר זֵיין פְרִידֶען אוּנְד װָארְהֵייט
אִין מֵיינֶע צֵייטֶען:

קאפיטעל מ

1 טְרֵייסְטֶעט, טְרֵייסְטֶעט מֵיין פָּאלְק,
זָאגְט אֵייעֶר גָאט: 2 רֶעט צוּ דֶעם הַארְץ
פוּן יְרוּשָׁלַיִם, אוּנְד רוּפְט אוֹיס צוּ אִיהְר
אַז אִיהְרֶע בֶּעשְׁטִימְטֶע צֵייט אִיז דֶערְפִילְט
גֶעװָארֶען, אַז אִיהְרֶע זִינְד אִיז פֶערְגֶעבֶּען,
װָארִין זִיא הָאט גֶענוּמֶען פוּן גָאט'ס הַאנְד
דָאפֶּעלְט פַאר אַלֶע אִיהְרֶע זִינְד: 3 אַ קוֹל
רוּפְט אִין דֶער מִדְבָּר, מַאכְט צוּרֶעכְט
דֶעם װֶעג פוּן דֶעם הַאר, מַאכְט גְרָאד
אִין דֶער װִיסְטֶענֵייא אַ גֶעטְרֶעטֶענֶעם װֶעג
פַאר אוּנְזֶער גָאט: 4 אִיטְלִיכֶעס טָאהְל װֶעט דֶערְהוֹיבֶּען װֶערֶען, אוּנְד אִיטְלִיכֶער בַּארְג
אוּנְד הֵייךְ װֶעט דֶערְנִידְרִיגְט װֶערֶען, אוּנְד דָאס פֶערקְרִימְטֶע װֶעט גְלֵייךְ װֶערֶען, אוּנְד
דָאס גֶעבַּארְגְטֶע װֶעט װֶערֶען צוּ אַ גְלֵייכֶען פְּלַאץ: 5 אוּנְד דֶער כָּבוֹד פוּן דֶעם הַאר
װֶעט אַנְטְפְּלֶעקְט װֶערֶען, אוּנְד אַלֶעס פְלֵייש װֶעט עֶס צוּזַאמֶען זֶעהֶען, װָארִין דָאס
מוֹיל פוּן דֶעם הַאר הָאט עֶס גֶערֶעט: 6 דָאס קוֹל הָאט גֶעזָאגְט רוּף! אוּנְד עֶר הָאט
גֶעזָאגְט, װָאס זָאל אִיךְ רוּפֶען? אַלֶעס פְלֵייש אִיז (װִיא) גְרָאז, אוּנְד זֵיין גַאנְצֶער חֶסֶד
אִיז װִיא דִיא שְׁפְּרָאצוּנְג פוּן דֶעם פֶעלְד: 7 דָאס גְרָאז פֶערְטְרִיקֶענְט, אוּנְד דִיא בְּלוּם
פֶערְװֶעלְקְט, װֵייל דֶער הוֹיךְ פוּן דֶעם הַאר הָאט דַארוֹיף גֶעבְּלָאזֶען, בֶּאֱמֶת דָאס פָּאלְק
אִיז (װִיא) גְרָאז: 8 דָאס גְרָאז װֶערְט פֶערְטְרִיקֶענְט, אוּנְד דִיא בְּלוּם פֶערְװֶעלְקְט,
אָבֶּער דָאס װָארְט פוּן אוּנְזֶער גָאט בֶּעשְׁטֶעהְט אוֹיף עֶבִּיג: 9 גֶעה אַרוֹיף אוֹיף
אַ הוֹיכֶען בַּארְג אָ צִיוֹן, װָאס בְּרֶענְגְסְט אַ גוּטֶע בְּשׂוֹרָה! אָ יְרוּשָׁלַיִם װָאס בְּרֶענְגְסְט
אַ גוּטֶע בְּשׂוֹרָה הֶעבּ אוֹיף דֵיין קוֹל מִיט כֹּחַ, הֶעבּ עֶס אוֹיף הָאבּ נִיט קֵיין מוֹרָא,
זָאג צוּ דִיא שְׁטֶעט פוּן יְהוּדָה, זֶעהְט אֵייעֶר גָאט! 10 זֶעהְט, דֶער הַאר גָאט װֶעט
קוּמֶען מִיט שְׁטַארְקְהֵייט, אוּנְד זֵיין אָרֶעם װֶעט פָאר אִיהְם גֶעװֶעלְטִיגֶען, זֶעהְט,
זֵיין שְׂכַר אִיז מִיט אִיהְם, אוּנְד זֵיין װֶערְק אִיז פָאר אִיהְם: 11 אַזוֹי װִיא אַ
פַאסְטוּךְ װֶעט עֶר װֵיידֶען זֵיינֶע שָׁאף, דִיא לֶעמֶעלֶעךְ װֶעט עֶר אֵיינְזַאמֶעלְן מִיט
זֵיין אָרֶעם, אוּנְד עֶר װֶעט זֵייא טְרָאגֶען, אוּנְד דִיא זֵייגֶענְדִיגֶע װֶעט עֶר פַאמֶעלֶעךְ
פִיהְרֶען: 12 װֶער הָאט מִיט זֵיינֶע הוֹילֶע הַאנְד דָאס װַאסֶער גֶעמָאסְטֶען, אוּנְד דֶעם
הִימֶעל בֶּערֶעכֶענְט מִיט דֶעם שְׁפַּאן, אוּנְד הָאט מִיט אַ מָאס גֶעמָאסְטֶען דֶעם שְׁטוֹיבּ
פוּן דֶער עֶרְד, אוּנְד הָאט אָפְּגֶעװָאוֹיגֶען דִיא בֶּערְג מִיט אַ גֶעװִיכְט, אוּנְד דִיא הֵייךְ
מִיט װָאגְשָׁאלֶען? 13 װֶער הָאט אָנְגֶעבְּרֵייט דֶעם רוּחַ הַקוֹדֶשׁ פוּן דֶעם הַאר? אָדֶער
זֵיין עֵצָה גֶעבֶּער אַז עֶר זָאל אִיהְם אוּנְטֶערְװֵייזֶען? 14 מִיט װֶעמֶען הָאט עֶר זִיךְ
מְיַעֵץ גֶעװֶעזֶען, אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם צוּ פֶערשְׁטֶעהְן גֶעגֶעבֶּען, אוּנְד הָאט אִיהְם
גֶעלֶערְנְט אִין דֶעם װֶעג פוּן מִשְׁפָּט, אוּנְד הָאט אִיהְם גֶעלֶערְנְט דֶעם װֶעג פוּן
װִיסֶענְשַׁאפְט, אוּנְד הָאט אִיהְם גֶעלָאזְט װִיסֶען פֶערשְׁטַאנְד? 15 זֶעה, דִיא פֶעלְקֶער
זֶענֶען גֶערֶעכֶענְט װִיא אַ טְרָאפּ פוּן דֶעם אֵיימֶער, אוּנְד װִיא דֶער שְׁטוֹיבּ פוּן אַ
װָאגְשָׁאל, זֶעה, דִיא אִינְזֶעלְן װֶערֶען אַװעקְגֶעטְרָאגֶען װִיא דִינֶער שְׁטוֹיבּ: 16 אוּנְד
לְבָנוֹן אִיז נִיט גֶענוּג צוּ בְּרֶענֶען, אוּנְד זֵיינֶע חַיוֹת זֶענֶען נִיט גֶענוּג פַאר
אַ קָרְבָּן

בְּבֵיתֶךָ וַאֲשֶׁר אָצְרוּ אֲבֹתֶיךָ עַד־הַיּוֹם הַזֶּה בָּבֶל לֹא־יִוָּתֵר
דָּבָר אָמַר יְהוָה׃ וּמִבָּנֶיךָ אֲשֶׁר יֵצְאוּ מִמְּךָ אֲשֶׁר תּוֹלִיד 7
יִקָּחוּ וְהָיוּ סָרִיסִים בְּהֵיכַל מֶלֶךְ בָּבֶל׃ וַיֹּאמֶר חִזְקִיָּהוּ 8
אֶל־יְשַׁעְיָהוּ טוֹב דְּבַר־יְהוָה אֲשֶׁר דִּבַּרְתָּ וַיֹּאמֶר כִּי יִהְיֶה
שָׁלוֹם וֶאֱמֶת בְּיָמָי׃

מ

מ
נַחֲמוּ נַחֲמוּ עַמִּי יֹאמַר אֱלֹהֵיכֶם׃ דַּבְּרוּ עַל־לֵב יְרוּשָׁלַםִ א 2
וְקִרְאוּ אֵלֶיהָ כִּי מָלְאָה צְבָאָהּ כִּי נִרְצָה עֲוֺנָהּ כִּי לָקְחָה
מִיַּד יְהוָה כִּפְלַיִם בְּכָל־חַטֹּאתֶיהָ׃ קוֹל קוֹרֵא בַּמִּדְבָּר 3
פַּנּוּ דֶּרֶךְ יְהוָה יַשְּׁרוּ בָּעֲרָבָה מְסִלָּה לֵאלֹהֵינוּ׃ כָּל־גֶּיא 4
יִנָּשֵׂא וְכָל־הַר וְגִבְעָה יִשְׁפָּלוּ וְהָיָה הֶעָקֹב לְמִישׁוֹר
וְהָרְכָסִים לְבִקְעָה׃ וְנִגְלָה כְּבוֹד יְהוָה וְרָאוּ כָל־בָּשָׂר ה
יַחְדָּו כִּי פִּי יְהוָה דִּבֵּר׃ קוֹל אֹמֵר קְרָא וְאָמַר מָה 6
אֶקְרָא כָּל־הַבָּשָׂר חָצִיר וְכָל־חַסְדּוֹ כְּצִיץ הַשָּׂדֶה׃ יָבֵשׁ 7
חָצִיר נָבֵל צִיץ כִּי רוּחַ יְהוָה נָשְׁבָה בּוֹ אָכֵן חָצִיר הָעָם׃
יָבֵשׁ חָצִיר נָבֵל צִיץ וּדְבַר אֱלֹהֵינוּ יָקוּם לְעוֹלָם׃ 8
עַל הַר־גָּבֹהַּ עֲלִי־לָךְ מְבַשֶּׂרֶת צִיּוֹן הָרִימִי בַכֹּחַ קוֹלֵךְ 9
מְבַשֶּׂרֶת יְרוּשָׁלָםִ הָרִימִי אַל־תִּירָאִי אִמְרִי לְעָרֵי יְהוּדָה
הִנֵּה אֱלֹהֵיכֶם׃ הִנֵּה אֲדֹנָי יְהוִה בְּחָזָק יָבוֹא וּזְרֹעוֹ מֹשְׁלָה י
לוֹ הִנֵּה שְׂכָרוֹ אִתּוֹ וּפְעֻלָּתוֹ לְפָנָיו׃ כְּרֹעֶה עֶדְרוֹ יִרְעֶה 11
בִּזְרֹעוֹ יְקַבֵּץ טְלָאִים וּבְחֵיקוֹ יִשָּׂא עָלוֹת יְנַהֵל׃ מִי־ 12
מָדַד בְּשָׁעֳלוֹ מַיִם וְשָׁמַיִם בַּזֶּרֶת תִּכֵּן וְכָל בַּשָּׁלִשׁ עֲפַר
הָאָרֶץ וְשָׁקַל בַּפֶּלֶס הָרִים וּגְבָעוֹת בְּמֹאזְנָיִם׃ מִי־תִכֵּן 13
אֶת־רוּחַ יְהוָה וְאִישׁ עֲצָתוֹ יוֹדִיעֶנּוּ׃ אֶת־מִי נוֹעָץ וַיְבִינֵהוּ 14
וַיְלַמְּדֵהוּ בְּאֹרַח מִשְׁפָּט וַיְלַמְּדֵהוּ דַעַת וְדֶרֶךְ תְּבוּנוֹת
יוֹדִיעֶנּוּ׃ הֵן גּוֹיִם כְּמַר מִדְּלִי וּכְשַׁחַק מֹאזְנַיִם נֶחְשָׁבוּ הֵן טו
אִיִּים כַּדַּק יִטּוֹל׃ וּלְבָנוֹן אֵין דֵּי בָּעֵר וְחַיָּתוֹ אֵין דֵּי 16

17 עוֹלָה׃ כָּל־הַגּוֹיִם כְּאַיִן נֶגְדּוֹ מֵאֶפֶס וָתֹהוּ נֶחְשְׁבוּ־
18 19 לוֹ׃ וְאֶל־מִי תְּדַמְּיוּן אֵל וּמַה־דְּמוּת תַּעַרְכוּ־לוֹ׃ הַפֶּסֶל
נָסַךְ חָרָשׁ וְצֹרֵף בַּזָּהָב יְרַקְּעֶנּוּ וּרְתֻקוֹת כֶּסֶף צוֹרֵף׃
כ הַמְסֻכָּן תְּרוּמָה עֵץ לֹא־יִרְקַב יִבְחָר חָרָשׁ חָכָם יְבַקֶּשׁ־
21 לוֹ לְהָכִין פֶּסֶל לֹא יִמּוֹט׃ הֲלוֹא תֵדְעוּ הֲלוֹא תִשְׁמָעוּ
הֲלוֹא הֻגַּד מֵרֹאשׁ לָכֶם הֲלוֹא הֲבִינֹתֶם מוֹסְדוֹת הָאָרֶץ׃
22 הַיֹּשֵׁב עַל־חוּג הָאָרֶץ וְיֹשְׁבֶיהָ כַּחֲגָבִים הַנּוֹטֶה כַדֹּק
23 שָׁמַיִם וַיִּמְתָּחֵם כָּאֹהֶל לָשָׁבֶת׃ הַנּוֹתֵן רוֹזְנִים לְאָיִן שֹׁפְטֵי
24 אֶרֶץ כַּתֹּהוּ עָשָׂה׃ אַף בַּל־נִטָּעוּ אַף בַּל־זֹרָעוּ אַף בַּל־
שֹׁרֵשׁ בָּאָרֶץ גִּזְעָם וְגַם נָשַׁף בָּהֶם וַיִּבָשׁוּ וּסְעָרָה כַּקַּשׁ
כה תִּשָּׂאֵם׃ וְאֶל־מִי תְדַמְּיוּנִי וְאֶשְׁוֶה יֹאמַר קָדוֹשׁ׃ שְׂאוּ־ 26
מָרוֹם עֵינֵיכֶם וּרְאוּ מִי־בָרָא אֵלֶּה הַמּוֹצִיא בְמִסְפָּר צְבָאָם
לְכֻלָּם בְּשֵׁם יִקְרָא מֵרֹב אוֹנִים וְאַמִּיץ כֹּחַ אִישׁ לֹא
27 נֶעְדָּר׃ ׳ לָמָּה תֹאמַר יַעֲקֹב וּתְדַבֵּר יִשְׂרָאֵל נִסְתְּרָה
28 דַרְכִּי מֵיְהוָה וּמֵאֱלֹהַי מִשְׁפָּטִי יַעֲבוֹר׃ הֲלוֹא יָדַעְתָּ אִם־
לֹא שָׁמַעְתָּ אֱלֹהֵי עוֹלָם ׀ יְהוָה בּוֹרֵא קְצוֹת הָאָרֶץ לֹא
29 יִיעַף וְלֹא יִיגָע אֵין חֵקֶר לִתְבוּנָתוֹ׃ נֹתֵן לַיָּעֵף כֹּחַ וּלְאֵין
ל אוֹנִים עָצְמָה יַרְבֶּה׃ וְיִעֲפוּ נְעָרִים וְיִגָעוּ וּבַחוּרִים כָּשׁוֹל
31 יִכָּשֵׁלוּ׃ וְקוֹיֵ יְהוָה יַחֲלִיפוּ כֹחַ יַעֲלוּ אֵבֶר כַּנְּשָׁרִים יָרוּצוּ
וְלֹא יִיגָעוּ יֵלְכוּ וְלֹא יִיעָפוּ׃

## מא מא

א הַחֲרִישׁוּ אֵלַי אִיִּים וּלְאֻמִּים יַחֲלִיפוּ כֹחַ יִגְּשׁוּ אָז יְדַבֵּרוּ
2 יַחְדָּו לַמִּשְׁפָּט נִקְרָבָה׃ מִי הֵעִיר מִמִּזְרָח צֶדֶק יִקְרָאֵהוּ
לְרַגְלוֹ יִתֵּן לְפָנָיו גּוֹיִם וּמְלָכִים יַרְדְּ יִתֵּן כֶּעָפָר חַרְבּוֹ כְּקַשׁ
3 נִדָּף קַשְׁתּוֹ׃ יִרְדְּפֵם יַעֲבוֹר שָׁלוֹם אֹרַח בְּרַגְלָיו לֹא יָבוֹא׃
4 מִי־פָעַל וְעָשָׂה קֹרֵא הַדֹּרוֹת מֵרֹאשׁ אֲנִי יְהוָה רִאשׁוֹן
ה וְאֶת־אַחֲרֹנִים אֲנִי־הוּא׃ רָאוּ אִיִּים וְיִירָאוּ קְצוֹת הָאָרֶץ

אַ קָרְבָּן עוֹלָה׃ 17 אַלֶע פֶעלְקֶער זֶענֶען ווִיא גָארְנִיט פָאר אִיהְם, נָאךְ וֶועניגֶער ווִיא גָארְנִיט אוּנְד לֶערְקַייט זֶענֶען זֵייא פָאר אִיהְם בֶּעטְרַאכְטֶעט׃ 18 צוּ וֶועמֶען ווִילְט אִיהְר גָאט פֶערְגְלֵייכֶען? אוּנְד וָואס פַאר אַ גֶעשְׁטַאלְט ווִילְט אִיהְר אִיהְם אָנְרִיכְטֶען? 19 דֶער קִינְסְטלֶער גִיסְט אַ בִּילְד, אוּנְד דֶער גָאלְדְשְׁמִיד צִיהְט עֶס אִיבֶּער מִיט גָאלְד, אוּנְד עֶר גִיסְט זִילְבֶּערְנֶע קֶעטְלֶעךְ דַאצוּ׃ 20 דֶער פֶערְאָרֶעמְטֶער וָואס קֶען אָפְּשֵׁיידֶען דֶערְוֶועלְט זִיךְ אַ בּוֹים וָואס קֶען נִיט פֶערְפוֹילְט ווֶערֶען, אוּנְד עֶר זוּכְט זִיךְ אוֹים אַ קְלוּגֶען קִינְסְטלֶער כְּדֵי אִיהְם צוּ צוּבֶּערֵייטֶען אַזַא בִּילְד וָואס זָאל נִיט אַוֶועקְגֶערִיקְט ווֶערֶען׃ 21 ווֵייסְט אִיהְר עֶס דֶען נִיט? הָאט אִיהְר עֶס דֶען נִיט גֶעהֶערְט? הָאט מֶען עֶס אֵייךְ נִיט אָנְגֶעזָאגְט פוּן אָנְהֵייבּ? הָאט אִיהְר דֶען נִיט פֶערְשְׁטַאנֶען דִיא גְרוּנְדְפֶעסְטֶען פוּן דֶער עֶרְד׃ 22 (עֶר אִיז עֶס) וָואס זִיצְט אוֹיף דֶעם צִירְקֶעל פוּן דֶער עֶרְד, אוּנְד אִיהְרֶע בֶּעווְאוֹינֶער זֶענֶען ווִיא הֵיישְׁ־רֶעקֶען, דֶער וָואס בְּרֵייטֶעט אוֹיס דֶעם הִימֶעל ווִיא אַ דִינֶע דֶעק, אוּנְד הָאט זֵייא אוֹיסְגֶעצוֹיגֶען ווִיא אַ גֶעצֶעלְט דַארִין צוּ ווְאוֹינֶען׃ 23 דֶער וָואס מַאכְט דִיא פִירְשְׁטֶען צוּ גָארְנִיט, אוּנְד דִיא שׁוֹפְטִים פוּן דֶער עֶרְד מַאכְט עֶר ווִיא לֶערְקַייט׃ 24 זֵייא זֶענֶען אַפִילוּ נִיט גֶעפְלַאנְצְט גֶעווָארֶען, אוּנְד אַפִילוּ אוֹיךְ נִיט גֶעזֵייעט, אוּנְד זֵייא זֶענֶען אַפִילוּ נִיט אֵיינְגֶעווְאוּרְצֶעלְט אִין דֶער עֶרְד, אוּנְד ווֶען עֶר בְּלָאזְט אוֹיף זֵייא אַזוֹי ווֶערֶען זֵייא פֶערְטְרוּקֶענְט, אוּנְד דֶער שְׁטָארְמְווִינְד טְרָאגְט זֵייא אַוֶועק ווִיא שְׁטְרוֹי׃ 25 אָבֶּער צוּ וֶועמֶען ווִילְט אִיהְר מִיךְ גְלֵייכֶען אַז אִיךְ זָאל גְלֵייךְ זַיין? זָאגְט דֶער הֵיילִיגֶער? 26 הֶעבְּט אוֹיף אֵייעֶרֶע אוֹיגֶען אוּנְד זֶעהְט, ווֶער הָאט דִיא דָאזִיגֶע בֶּעשַׁאפֶען? וָואס בְּרֶענְגְט אַרוֹיס זֵייעֶרֶע חַיָלוֹת מִיט דֶער צָאהְל, עֶר רוּפְט זֵייא אַלֶע מִיט דֶעם נָאמֶען, מַחְמַת זַיין פִיל פֶערְמֶעגֶען אוּנְד זַיינֶע גְרוֹיסֶע קְרַאפְט ווֶעט קֵיין אֵיינְצִיגֶער פֶעהְלֶען׃ 27 פַארְוָואס זָאגְסְט דוּא יַעֲקֹב, אוּנְד דוּא רֶעדְסְט יִשְׂרָאֵל, מֵיין ווֶעג אִיז פֶערְבָּארְגֶען פוּן דֶעם הַאר, אוּנְד מֵיין מִשְׁפָּט אִיז אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען פוּן מֵיין גָאט? 28 ווֵייסְט דוּא דֶען נִיט? הָאסְט דוּא עֶס דֶען נִיט גֶעהֶערְט אַז דֶער עֶבִּיגֶער גָאט, דֶער הַאר וָואס הָאט בֶּעשַׁאפֶען דִיא עֶקֶען פוּן דֶער עֶרְד, עֶר ווֶערְט נִיט מִיד אוּנְד נִיט מַאט, עֶס אִיז נִיט דָא קֵיינֶע אוֹיסְפָאר־שׁוּנְג צוּ זַיין פֶערְשְׁטַאנְד׃ 29 עֶר גֶעט צוּ דֶעם מִידֶען כֹּחַ, אוּנְד צוּ דֶעם וָואס הָאט קֵיינֶע קְרַאפְט פֶערְמֶעהְרְט עֶר שְׁטַארְקְהֵייט׃ 30 אָבֶּער דִיא יוּנְגֶען ווֶעלֶען מִיד אוּנְד מַאט ווֶערֶען, אוּנְד דִיא יוּנְגֶע לֵייט ווֶעלֶען גֶעשְׁטְרוֹיכֶעלְט ווֶערֶען׃ 31 אָבֶּער דִיא וָואס הָאפֶען אוֹיף גָאט, ווֶעלֶען דֶערְנֵייעֶרְן (זֵייעֶרֶע) קְרַאפְט, זֵייא ווֶעלֶען אַרוֹיפְגֶעהְן מִיט פְלִיגֶעל ווִיא אָדְלֶערְס, זֵייא ווֶעלֶען לוֹיפֶען אוּנְד נִיט מַאט ווֶערֶען, אוּנְד זֵייא ווֶעלֶען גֶעהְן אָבֶּער נִיט מִיד ווָערֶען׃

## קאפיטעל מא

1 שְׁווֵייגְט שְׁטִיל פָאר מִיר, אָ אִיהְר אִינְזֶעל בֶּעווְאוֹינֶער, אוּנְד לָאזֶען דִיא פֶעלְקֶער דֶערְנֵייעֶרְן זֵייעֶר כֹּחַ, אוּנְד לָאזֶען זֵייא דֶערְנָאכְמָאל גֶענֶעהֶענֶען אוּנְד רֶעדֶען; לָאזֶען מִיר צוּזַאמֶען גֶענֶעהֶנֶען צוּ דֶעם מִשְׁפָּט׃ 2 ווֶער הָאט דֶערְוֶועקְט דֶעם צַדִיק פוּן מִזְרַח־זֵייט, אוּנְד הָאט אִיהְם גֶערוּפֶען צוּ זַיין פוּס, וָואס הָאט פָאר אִיהְם גֶעגֶעבֶען פֶעלְקֶער, אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם גֶעמַאכְט גֶעווֶעלְטִיגֶען אִיבֶּער מְלָכִים? עֶר הָאט זֵייא גֶעגֶעבֶען ווִיא שְׁטוֹיבּ צוּ זַיין שְׁווֶערְד אוּנְד ווִיא צוּשְׁפְּרֵייטֶעס שְׁטְרוֹי פַאר זַיין בּוֹיגֶען׃ 3 עֶר הָאט זֵייא נָאכְגֶעיָאגְט, אוּנְד עֶר אִיז בְּשָׁלוֹם אַרִיבֶּערְגֶעגַאנְגֶען אוֹיף אַ ווֶעג וָואס עֶר פְלֶעגְט נִיט צוּ גֶעהְן צוּ פוּס׃ 4 ווֶער הָאט דָאס גֶעווֶערְקְט אוּנְד גֶעטְהוּן, אוּנְד הָאט גֶערוּפֶען דִיא דוֹרוֹת פוּן אָנְפַאנְג אָן? אִיךְ דֶער הַאר, דֶער עֶרְשְׁטֶער אוּנְד דֶער לֶעצְטֶער; אִיךְ בִּין דֶערְזֶעלְבִּיגֶער׃ 5 דִיא אִינְזֶעלְן הָאבֶען עֶס גֶעזֶעהֶען אוּנְד הָאבֶען מוֹרָא בֶּעהַאט, דִיא עֶקֶען פוּן דֶער עֶרְד

ווערלען

װעלען ציטערן, זײא גענעהענען זיך אונד
(קומען) צוזאַמען׃ 6 אײנער װעט דעם
אַנדערן העלפען אונד איטליכער װעט זאָ־
גען צו זײן ברודער שטאַרק דיך׃ 7 דער
צימערמאַן שטאַרקט דעם שמיד, אונד
דער װאָס מאַכט גלאַט מיט דעם האַמער
דעם װאָס האַקט אויף דעם אײזען (אַמבוס)
אונד זאָגט צו דער לײטונג עס איז גוט,
אונד ער בעפעסטיגט זײא מיט נעגעל כּדי
זײא זאָלען ניט אַװעקגערוקט װערען׃
8 אָבער דוּא ישׂראל בּיזט מײן קנעכט;
יַעֲקב װאָס איך האָב דיך אויסדערװעלט,
דער זאָמען פון אַבְרָהָם מײן פרײנד (ליבּ־
האָבּער)׃ 9 דוּא, װאָס איך האָבּ דיך
אָנגענומען פון דיא עקען פון דער ערד,
אונד פון זײערע װינקעלן האָבּ איך דיך
גערופען, אונד איך האָבּ צו דיר געזאָגט,
דוּא בּיזט מײן קנעכט, איך האָבּ דיך
אויסדערװעלט, אונד איך האָבּ דיך ניט
פערװאָרפען׃ 10 דוּא זאָלסט ניט מוֹרָא
האָבען, װאָרין איך בּין מיט דיר, דוּא
זאָלסט דיך ניט אומקוקען מיט שרעק
װאָרין איך בּין דײן גאָט, איך װעל דיך
שטאַרקען אונד אויך העלפען, איך װעל
דיך דערהאַלטען מיט דיא גערעכטיגקײט פון מײנע רעכטע האַנד׃ 11 זעה, אַלע װאָס
האָבּען זיך קעגען דיר דערצאָרנט װעלען זיך מוזען שעמען אונד צו שאַנדען װערען, זײא
װעלען זײן װיא גאָרניט, אונד דיא װאָס האַלטען מיט דיר מִלְחָמָה װעלען פערטילגט װער־
רען׃ 12 דוּא װעסט זוכען דיא לײט װאָס קריגען זיך מיט דיר אָבער דוּא װעסט זײא ניט
געפינען, דיא װאָס האַלטען מיט דיר מִלְחָמָה װעלען זײן װיא גאָרניט אונד װיא אַ זאַך װאָס
קען ניט זײן׃ 13 װאָרין איך, דער האַר דײן גאָט װעל האַלטען דײנע רעכטע האַנד, אונד
זאָגען, האָבּ ניט מוֹרָא, איך װעל דיר העלפען׃ 14 פאָרכט דיך ניט, דוּא װערמעל יַעֲקב,
אונד איהר מענער פון יִשְׂרָאֵל! איך װעל דיר העלפען, זאָגט דער האַר אונד דײן אויסלע־
זער, דער הײליגער פון יִשְׂרָאֵל׃ 15 זעה, איך װעל דיך מאַכען צו אַ נײעם שאַרפען
דרעש־האָלץ מיט אַ דאָפּעלטער שאַרף, דוּא װעסט דיא בּערג דרעשען, אונד זײא קלײן
צושטויסען, אונד דוּא װעסט דיא בּערג מאַכען װיא פּלעװע׃ 16 דוּא װעסט זײא װאַרפען
אונד דער װינד װעט זײא אַװעקטראָגען, אונד דער שטורמװינד װעט זײא צושפּרײטען,
אָבער דוּא װעסט דיך פרײען אין דעם האַר, אונד װעסט דיך בּערימען אין דעם הײליגען
פון יִשְׂרָאֵל׃ 17 װען דיא אָרעמע אונד נויטבּעדירפטיגע זוכען װאַסער, אונד עס איז ניט
דאָ, אונד זײערע צונג איז פערשמאַכט װעגען דורשט — איך דער האַר װעל זײא דערהע־
רען, איך דער גאָט פון יִשְׂרָאֵל װעל זײא ניט פערלאָזען׃ 18 איך װעל אויפמאַכען טײכען
אויף דיא הויכע ערטער, אונד קװעל־בּרונען אין דיא טהעלער; איך װעל מאַכען דיא מִדְבָּר
צו אַ זאַמלונג פון װאַסער, אונד דאָס טרוקענע לאַנד צו קװאַלען־װאַסער׃ 19 איך װעל
פלאַנצען אין דער מִדְבָּר טענען־בּײמער, אַקאַציען־בּײמער, הֲדַסִים, אונד אײל־בּײמער,
איך װעל פלאַנצען אין דער װיסטעניא ציפּרעסען־בּײמער, פיכטען אונד בּוקסען־בּײמער
מיט אַנאַנדער׃ 20 כּדי זײא זאָלען עס זעהען אונד װיסען, אונד איבּערלעגען אונד מיט
אַנאַנדער פערשטעהן, דעם האַר׳ס האַנד האָט דאָס דאָזיגע געטהון אונד דער הײליגער פון
יִשְׂרָאֵל האָט עס בּעשאַפען׃ 21 בּרענגט אַהער אײערע שטרײט־זאַך, זאָגט דער האַר, בּרענגט
אַהער אײערע שטאַרקע טַעֲנוֹת זאָגט דער מֶלֶךְ פון יַעֲקב׃ 22 לאָזען זײא נאָהענט נאָכזאָגען,
אונד לאָזען זײא אונס אָנזאָגען װאָס עס װעט זיך פּאַרטרעפען, לאָזען זײא אָנזאָגען דיא ער־
שטע זאַכען װאָס זײא זענען, אַז מיר זאָלען זײא בּעטראַכטען אונד װיסען זײער סוֹף דאַפון,
אָדער זאָגט אונס אָן װאָס װעט ערשט זײן׃ 23 זאָגט אונס אָן װאָס װעט שפּעטער זײן,
אַז

6 יֶחֱרְדוּ קָרְבוּ וַיֶּאֱתָיוּן׃ אִישׁ אֶת־רֵעֵהוּ יַעְזֹרוּ וּלְאָחִיו יֹאמַר
7 חֲזָק׃ וַיְחַזֵּק חָרָשׁ אֶת־צֹרֵף מַחֲלִיק פַּטִּישׁ אֶת־הוֹלֶם
פָּעַם אֹמֵר לַדֶּבֶק טוֹב הוּא וַיְחַזְּקֵהוּ בְמַסְמְרִים לֹא יִמּוֹט׃
8 וְאַתָּה יִשְׂרָאֵל עַבְדִּי יַעֲקֹב אֲשֶׁר בְּחַרְתִּיךָ זֶרַע
9 אַבְרָהָם אֹהֲבִי׃ אֲשֶׁר הֶחֱזַקְתִּיךָ מִקְצוֹת הָאָרֶץ וּמֵאֲצִילֶיהָ
קְרָאתִיךָ וָאֹמַר לְךָ עַבְדִּי־אַתָּה בְּחַרְתִּיךָ וְלֹא מְאַסְתִּיךָ׃
י אַל־תִּירָא כִּי־עִמְּךָ אָנִי אַל־תִּשְׁתָּע כִּי־אֲנִי אֱלֹהֶיךָ אִמַּצְתִּיךָ
11 אַף־עֲזַרְתִּיךָ אַף־תְּמַכְתִּיךָ בִּימִין צִדְקִי׃ הֵן יֵבֹשׁוּ וְיִכָּלְמוּ
כֹּל הַנֶּחֱרִים בָּךְ יִהְיוּ כְאַיִן וְיֹאבְדוּ אַנְשֵׁי רִיבֶךָ׃
12 תְּבַקְשֵׁם וְלֹא תִמְצָאֵם אַנְשֵׁי מַצֻּתֶךָ יִהְיוּ כְאַיִן וּכְאֶפֶס
13 אַנְשֵׁי מִלְחַמְתֶּךָ׃ כִּי אֲנִי יְהוָה אֱלֹהֶיךָ מַחֲזִיק יְמִינֶךָ
14 הָאֹמֵר לְךָ אַל־תִּירָא אֲנִי עֲזַרְתִּיךָ׃ אַל־תִּירְאִי תּוֹלַעַת
יַעֲקֹב מְתֵי יִשְׂרָאֵל אֲנִי עֲזַרְתִּיךְ נְאֻם־יְהוָה וְגֹאֲלֵךְ קְדוֹשׁ
טו יִשְׂרָאֵל׃ הִנֵּה שַׂמְתִּיךְ לְמוֹרַג חָרוּץ חָדָשׁ בַּעַל פִּיפִיּוֹת
16 תָּדוּשׁ הָרִים וְתָדֹק וּגְבָעוֹת כַּמֹּץ תָּשִׂים׃ תִּזְרֵם וְרוּחַ
תִּשָּׂאֵם וּסְעָרָה תָּפִיץ אוֹתָם וְאַתָּה תָּגִיל בַּיהוָה בִּקְדוֹשׁ
17 יִשְׂרָאֵל תִּתְהַלָּל׃ הָעֲנִיִּים וְהָאֶבְיוֹנִים מְבַקְשִׁים
מַיִם וָאַיִן לְשׁוֹנָם בַּצָּמָא נָשָׁתָּה אֲנִי יְהוָה אֶעֱנֵם אֱלֹהֵי
18 יִשְׂרָאֵל לֹא אֶעֶזְבֵם׃ אֶפְתַּח עַל־שְׁפָיִים נְהָרוֹת וּבְתוֹךְ
בְּקָעוֹת מַעְיָנוֹת אָשִׂים מִדְבָּר לַאֲגַם־מַיִם וְאֶרֶץ צִיָּה לְמוֹצָאֵי
19 מָיִם׃ אֶתֵּן בַּמִּדְבָּר אֶרֶז שִׁטָּה וַהֲדַס וְעֵץ שָׁמֶן אָשִׂים
כ בָּעֲרָבָה בְּרוֹשׁ תִּדְהָר וּתְאַשּׁוּר יַחְדָּו׃ לְמַעַן יִרְאוּ וְיֵדְעוּ
וְיָשִׂימוּ וְיַשְׂכִּילוּ יַחְדָּו כִּי יַד־יְהוָה עָשְׂתָה זֹּאת וּקְדוֹשׁ
21 יִשְׂרָאֵל בְּרָאָהּ׃ קָרְבוּ רִיבְכֶם יֹאמַר יְהוָה הַגִּישׁוּ
22 עֲצֻמוֹתֵיכֶם יֹאמַר מֶלֶךְ יַעֲקֹב׃ יַגִּישׁוּ וְיַגִּידוּ לָנוּ אֵת אֲשֶׁר
תִּקְרֶינָה הָרִאשֹׁנוֹת ׀ מָה הֵנָּה הַגִּידוּ וְנָשִׂימָה לִבֵּנוּ וְנֵדְעָה
23 אַחֲרִיתָן אוֹ הַבָּאוֹת הַשְׁמִיעֻנוּ׃ הַגִּידוּ הָאֹתִיּוֹת לְאָחוֹר

וְנֵדְעָה כִּי אֱלֹהִים אַתֶּם אַף־תֵּיטִיבוּ וְתָרֵעוּ וְנִשְׁתָּעָה וְנִרְאֶ
24 יַחְדָּו׃ הֵן־אַתֶּם מֵאַיִן וּפָעָלְכֶם מֵאָפַע תּוֹעֵבָה יִבְחַר בָּכֶם׃
כה הַעִירוֹתִי מִצָּפוֹן וַיַּאת מִמִּזְרַח־שֶׁמֶשׁ יִקְרָא בִשְׁמִי
26 וְיָבֹא סְגָנִים כְּמוֹ־חֹמֶר וּכְמוֹ יוֹצֵר יִרְמָס־טִיט׃ מִי־הִגִּיד
מֵרֹאשׁ וְנֵדָעָה וּמִלְּפָנִים וְנֹאמַר צַדִּיק אַף אֵין־מַגִּיד אַף
27 אֵין מַשְׁמִיעַ אַף אֵין־שֹׁמֵעַ אִמְרֵיכֶם׃ רִאשׁוֹן לְצִיּוֹן הִנֵּה
28 הִנָּם וְלִירוּשָׁלִַם מְבַשֵּׂר אֶתֵּן׃ וְאֵרֶא וְאֵין אִישׁ וּמֵאֵלֶּה
29 וְאֵין יוֹעֵץ וְאֶשְׁאָלֵם וְיָשִׁיבוּ דָבָר׃ הֵן כֻּלָּם אָוֶן אֶפֶס
מַעֲשֵׂיהֶם רוּחַ וָתֹהוּ נִסְכֵּיהֶם׃

## מב

מב

א הֵן עַבְדִּי אֶתְמָךְ־בּוֹ בְּחִירִי רָצְתָה נַפְשִׁי נָתַתִּי רוּחִי עָלָיו
2 מִשְׁפָּט לַגּוֹיִם יוֹצִיא׃ לֹא יִצְעַק וְלֹא יִשָּׂא וְלֹא־יַשְׁמִיעַ
3 בַּחוּץ קוֹלוֹ׃ קָנֶה רָצוּץ לֹא יִשְׁבּוֹר וּפִשְׁתָּה כֵהָה לֹא
4 יְכַבֶּנָּה לֶאֱמֶת יוֹצִיא מִשְׁפָּט׃ לֹא יִכְהֶה וְלֹא יָרוּץ עַד־
ה יָשִׂים בָּאָרֶץ מִשְׁפָּט וּלְתוֹרָתוֹ אִיִּים יְיַחֵילוּ׃ כֹּה־אָמַר
הָאֵל ׀ יְהוָה בּוֹרֵא הַשָּׁמַיִם וְנוֹטֵיהֶם רֹקַע הָאָרֶץ וְצֶאֱצָאֶיהָ
6 נֹתֵן נְשָׁמָה לָעָם עָלֶיהָ וְרוּחַ לַהֹלְכִים בָּהּ׃ אֲנִי יְהוָה
קְרָאתִיךָ בְצֶדֶק וְאַחְזֵק בְּיָדֶךָ וְאֶצָּרְךָ וְאֶתֶּנְךָ לִבְרִית עָם
7 לְאוֹר גּוֹיִם׃ לִפְקֹחַ עֵינַיִם עִוְרוֹת לְהוֹצִיא מִמַּסְגֵּר אַסִּיר
8 מִבֵּית כֶּלֶא יֹשְׁבֵי חֹשֶׁךְ׃ אֲנִי יְהוָה הוּא שְׁמִי וּכְבוֹדִי
9 לְאַחֵר לֹא־אֶתֵּן וּתְהִלָּתִי לַפְּסִילִים׃ הָרִאשֹׁנוֹת הִנֵּה־בָאוּ
וַחֲדָשׁוֹת אֲנִי מַגִּיד בְּטֶרֶם תִּצְמַחְנָה אַשְׁמִיעַ אֶתְכֶם׃
י שִׁירוּ לַיהוָה שִׁיר חָדָשׁ תְּהִלָּתוֹ מִקְצֵה הָאָרֶץ יוֹרְדֵי הַיָּם
11 וּמְלֹאוֹ אִיִּים וְיֹשְׁבֵיהֶם׃ יִשְׂאוּ מִדְבָּר וְעָרָיו חֲצֵרִים תֵּשֵׁב
12 קֵדָר יָרֹנּוּ יֹשְׁבֵי סֶלַע מֵרֹאשׁ הָרִים יִצְוָחוּ׃ יָשִׂימוּ לַיהוָה
13 כָּבוֹד וּתְהִלָּתוֹ בָּאִיִּים יַגִּידוּ׃ יְהוָה כַּגִּבּוֹר יֵצֵא כְּאִישׁ
מִלְחָמוֹת יָעִיר קִנְאָה יָרִיעַ אַף־יַצְרִיחַ עַל־אֹיְבָיו יִתְגַּבָּר׃

אז מיר זאלען דערקענען אז איהר זענט בעסער, יא, טהוט גוטעס אדער שלעכטעס, כדי מיר זאלען זיך מיט פארכט אומזעהען אונד מיט אנאנדער בערעדען: 24 זעהט, איהר זייט דאך פון גארניט, אונד אייערע מעשים זענען אויך הבל, אונד דער וואס האט אייך אויסדערוועלט איז איין אומווירדיגער: 25 איך האב איינעם דערוועקט פון צפון־זייט, אונד ער וועט אנקומען, ער וועט מיין נאמען אנרופען פון מזרח־זייט, אונד ער וועט קומען איבער דיא פירשטען וויא איבער לעהם, אונד אזוי וויא א טעפער צוטרעט דעם לעהם: 26 ווער האט עס פון דעם אנפאנג אנגעזאגט, אז מיר זאלען עס וויסען? אונד פון פריהער אן אז מיר זאלען קענען זאגען ער איז גערעכט? אבער עס איז ניט דא איין אנזאגער, עס איז ניט דא קיינער וואס מאכט אייערע ווערטער הערען: 27 דער ערשטער וועט זאגען צו ציון, זעהט, זעהט זייא אן! אבער איך וועל געבען צו ירושלים איינעם וואס ברענגט א גוטע בשורה: 28 וואריין איך האב מיך אומגעזעהען, אונד עס איז קיינער ניט דא געוועזען, אונד צווישען זייא איז ניט דא געוועזען קיין עצה געבער, אז איך זאל פון זייא אנפרעגען אונד זייא זאלען עפעס ענטפערן: 29 זעהט, אלע זענען הבל, זייערע מעשים זענען גארניט, זייערע געגאסענע געצען־בילדער זענען ווינד אונד לערקייט:

קאפיטעל מב

1 זעה, מיין קנעכט, וואס איך טהוא איהם אונטערהאלטען, מיין אויסדערוועלטער אין וועמען איך האב א וואוילגעפאלען, איך האב אויף איהם געגעבען מיין רוח הקודש, ער וועט ארויסברענגען דאס משפט צו דיא גוים: 2 ער וועט ניט שרייען אונד ער וועט ניט אויפהעבען זיין קול, אונד ער וועט עס ניט אויף דער גאס הערען לאזען: 3 א צוקוועטשטעס ראהר וועט ער ניט צוברעכען, אונד דאס (טונקעלע) קנייטעל פון פלאקס וועט ער ניט אויסלעשען; ער וועט דאס משפט ארויסברענגען צום אמת: 4 ער וועט ניט טונקעל ווערען אונד אויך ניט צובראכען ווערען ביז ער וועט מאכען משפט אויף דער ערד, אונד דיא אינזעלן וועלען ווארטען אויף זיינע תורה: 5 אזוי זאגט גאט, דער הארר וואס האט בעשאפען דיא הימעלן, אונד האט זייא אויסגעצויגען, וואס האט אויסגעשפרייט דיא ערד אונד (אלעס) וואס שפראצט פון איהר ארויס, וואס געט א נשמה צו דעם פאלק וואס איז דרויף, אונד א גייסט צו דיא וואס געהן אויף איהר: 6 איך בין דער הארר וואס האט דיך גערופען אין גערעכטיגקייט אונד איך האב אנגענומען דיינע האנד אונד איך וועל דיך בעהיטען אונד איך וועל דיך געבען צו א ברית פון דעם פאלק, צו א ליכט פאר דיא גוים: 7 אויפצומאכען דיא אויגען פון דיא בלינדע, ארויסצוברענגען פון דעם פערשלאסענעם דיא געבונדענע, פון דעם געפענגניס דיא וואס זיצען אין דער פינסטערניס: 8 איך בין דער הארר, דאס איז מיין נאמען, אונד מיין כבוד וועל איך ניט געבען צו איין אנדערן, אויך ניט מיין לויב צו געצען־בילדער: 9 זעה דיא ערשטע זאכען זענען אנגעקומען, אונד איך זאג אן נייעס, איידער עס שפראצט נאך ארויס מאך איך עס אייך הערען: 10 זינגט צו דעם הארר א נייעס ליד, זיין לויב איז פון עק פון דער ערד, איהר וואס געהט ארונטער אויף דעם ים אונד זיינע פולהייט, דיא אינזעלן אונד זיינע בעוואוינערס: 11 לאזען דיא מדבר אונד זייערע שטעט אויפהעבען זייער קול, אונד דערפער וואס קדר בעוואוינט, לאזען דיא בעוואוינער פון סלע זינגען, לאזען זייא שאלען פון דיא שפיץ בערג: 12 לאזען זייא געבען כבוד צו דעם הארר, אונד אנזאגען זיין לויב אין דיא אינזעלן: 13 דער הארר וועט ארויסגעהן וויא א גבור, ער וועט זיינע קנאה דערוועקען וויא א בעל מלחמה, ער וועט שאלען, ער וועט אויך שרייען, אונד ער וועט זיך שטארקען קעגען

זיינע

הֶחֱשֵׁיתִי מֵעוֹלָם אַחֲרִישׁ אֶתְאַפָּק כַּיּוֹלֵדָה אֶפְעֶה אֶשֹּׁם 14
וְאֶשְׁאַף יָחַד׃ אַחֲרִיב הָרִים וּגְבָעוֹת וְכָל־עֶשְׂבָּם אוֹבִישׁ טו
וְשַׂמְתִּי נְהָרוֹת לָאִיִּים וַאֲגַמִּים אוֹבִישׁ׃ וְהוֹלַכְתִּי עִוְרִים 16
בְּדֶרֶךְ לֹא יָדָעוּ בִּנְתִיבוֹת לֹא־יָדְעוּ אַדְרִיכֵם אָשִׂים מַחְשָׁךְ
לִפְנֵיהֶם לָאוֹר וּמַעֲקַשִּׁים לְמִישׁוֹר אֵלֶּה הַדְּבָרִים עֲשִׂיתִם
וְלֹא עֲזַבְתִּים׃ נָסֹגוּ אָחוֹר יֵבֹשׁוּ בֹשֶׁת הַבֹּטְחִים בַּפָּסֶל 17
הָאֹמְרִים לְמַסֵּכָה אַתֶּם אֱלֹהֵינוּ׃ הַחֵרְשִׁים שְׁמָעוּ 18
וְהַעִוְרִים הַבִּיטוּ לִרְאוֹת׃ מִי עִוֵּר כִּי אִם־עַבְדִּי וְחֵרֵשׁ 19
כְּמַלְאָכִי אֶשְׁלָח מִי עִוֵּר כִּמְשֻׁלָּם וְעִוֵּר כְּעֶבֶד יְהוָה׃
רָאִית רַבּוֹת וְלֹא תִשְׁמֹר פָּקוֹחַ אָזְנַיִם וְלֹא יִשְׁמָע׃ יְהוָה כ 21
חָפֵץ לְמַעַן צִדְקוֹ יַגְדִּיל תּוֹרָה וְיַאְדִּיר׃ וְהוּא עַם־בָּזוּז 22
וְשָׁסוּי הָפֵחַ בַּחוּרִים כֻּלָּם וּבְבָתֵּי כְלָאִים הָחְבָּאוּ הָיוּ לָבַז
וְאֵין מַצִּיל מְשִׁסָּה וְאֵין־אֹמֵר הָשַׁב׃ מִי בָכֶם יַאֲזִין זֹאת 23
יַקְשִׁב וְיִשְׁמַע לְאָחוֹר׃ מִי־נָתַן לִמְשׁוֹסָּה יַעֲקֹב וְיִשְׂרָאֵל 24
לְבֹזְזִים הֲלוֹא יְהוָה זוּ חָטָאנוּ לוֹ וְלֹא־אָבוּ בִדְרָכָיו הָלוֹךְ
וְלֹא שָׁמְעוּ בְּתוֹרָתוֹ׃ וַיִּשְׁפֹּךְ עָלָיו חֵמָה אַפּוֹ וֶעֱזוּז כה
מִלְחָמָה וַתְּלַהֲטֵהוּ מִסָּבִיב וְלֹא יָדָע וַתִּבְעַר־בּוֹ וְלֹא־
יָשִׂים עַל־לֵב׃

מג

מג

וְעַתָּה כֹּה־אָמַר יְהוָה בֹּרַאֲךָ יַעֲקֹב וְיֹצֶרְךָ יִשְׂרָאֵל אַל־ א
תִּירָא כִּי גְאַלְתִּיךָ קָרָאתִי בְשִׁמְךָ לִי־אָתָּה׃ כִּי־תַעֲבֹר 2
בַּמַּיִם אִתְּךָ אָנִי וּבַנְּהָרוֹת לֹא יִשְׁטְפוּךָ כִּי־תֵלֵךְ בְּמוֹ־אֵשׁ
לֹא תִכָּוֶה וְלֶהָבָה לֹא תִבְעַר־בָּךְ׃ כִּי אֲנִי יְהוָה אֱלֹהֶיךָ 3
קְדוֹשׁ יִשְׂרָאֵל מוֹשִׁיעֶךָ נָתַתִּי כָפְרְךָ מִצְרַיִם כּוּשׁ וּסְבָא
תַּחְתֶּיךָ׃ מֵאֲשֶׁר יָקַרְתָּ בְעֵינַי נִכְבַּדְתָּ וַאֲנִי אֲהַבְתִּיךָ וְאֶתֵּן 4
אָדָם תַּחְתֶּיךָ וּלְאֻמִּים תַּחַת נַפְשֶׁךָ׃ אַל־תִּירָא כִּי־אִתְּךָ ה
אָנִי מִמִּזְרָח אָבִיא זַרְעֶךָ וּמִמַּעֲרָב אֲקַבְּצֶךָּ׃ אֹמַר לַצָּפוֹן 6

זיינע פיינד: 14 איך האב א לאנגע צייט געשוויגען, איך בין שטיל געוועזען, איך האב מיך איינגעהאלטען, אבער איך וועל אויסשרייען וויא א געווינערין, איך וועל פערוויסטען אונד צוזאמען פערשלינגען: 15 איך וועל דיא בערג חרוב מאכען, אונד דיא הייך, אונד זייער גאנצעס גראז וועל איך פערדארט מאכען, אונד איך וועל מאכען טייכען צו דיא אינזעלן, אבער דיא פערזאמלונג פון וואסערן וועל איך אויסטריקענען: 16 אונד איך וועל פיהרען דיא בלינדע אויף א וועג וואס זייא וויסען ניט, אונד אויף שטעגען וואס זייא וויסען ניט וועל איך זייא מאכען טרעטען, איך וועל פאר זייא מאכען דיא פינסטערניס צו ליכט, אונד דאס פערקרומטע וועל איך גראד מאכען, דיא דאזיגע זאכען וועל איך טהון פאר זייא אונד איך וועל זייא ניט פערלאזען: 17 זייא וועלען מוזען הינטער זיך צוריקקעהרען אונד גאנץ פערשעמט ווערען וואס פערלאזען זיך אויף געצען־בילדער, וואס זאגען צו געגאסענע בילדער איהר זענט אונזערע געטער: 18 הערט איהר טויבע, אונד איהר בלינדע קוקט כדי צו זעהען: 19 ווער איז אזוי בלינד נייערט מיין קנעכט? אונד ווער איז טויב וויא מיין שליח וואס איך שיק איהם? ווער איז בלינד וויא דער וואס איז פרום, אונד אזוי בלינד וויא דער קנעכט פון דעם האר? 20 פילעס צו זעהען אבער דוא געסט ניט אכטונג דארויף, צו האבען אפענע אויערען אבער ער הערט ניט: 21 דער האר האט א וואוילגעפאלען וועגען זיינע גערעכטיגקייט, ער וועט דיא תורה גרויס אונד הערליך מאכען: 22 אבער דאס איז א גערויבטעס אונד געפלינדערטעס פאלק, זייא זענען אלע אין דיא לעכער איינגעשלאסען, אונד זענען בעהאלטען אין דיא געפענגניס־הייזער, זייא זענען געווארען צו א רויב אונד קיינער איז זייא מציל, זייא זענען צוטרעטען געווארען אונד קיינער זאגט גיב צוריק: 23 ווער איז צווישען אייך אז ער זאל דאס דאזיגע צוהערען? ווער וויל עס פערנעמען אונד הערען וואס וועט שפעטער זיין? 24 ווער האט יעקב איבערגעגעבען צום רויב, אונד ישראל צו דיא רויבערס? איז עס ניט דער האר דער וואס מיר האבען קעגען איהם געזינדיגט, אונד מיר האבען ניט געוואלט געהן אין זיין וועג אונד מיר האבען ניט געוואלט הערען צו זיינע תורה? 25 דעריבער האט ער איבער איהם אויסגעגאסען זיין גרימצארן, אונד דיא שטארקהייט פון דער מלחמה, אונד ער האט איהם רינגס ארום אנגעצינדען, אבער ער האט עס ניט דערקענט, אונד עס האט אין איהם געברענט, אבער ער האט עס דאך ניט צו הארץ גענומען:

קאפיטעל מג

1 אבער אצונד, אזוי זאגט דער האר דיין בורא, א יעקב, אונד דיין בעשעפער א ישראל, האב קיין מורא, וואריין איך האב דיך אויסגעלעזט, איך האב דיך אנגערופען בייא דיין נאמען, דוא ביזט מיין: 2 ווען דוא וועסט איבערפאהרען דורך דעם וואסער וועל איך מיט דיר זיין, אונד דורך דיא טייכען, אזוי וועלען זייא דיך ניט פערפלייצען, ווען דוא וועסט געהן דורך דעם פייער אזוי וועט עס דיך ניט פערברענען, אונד דיא פלאם וועט דיך אויך ניט אנצינדען: 3 וואריין איך בין דער האר דיין גאט, דער הייליגער פון ישראל דיין העלפער, איך האב געגעבען מצרים פאר דיינע אויסלעזונג, כוש אונד סבא אנשטאט דיר: 4 ווייל דוא ביזט געוועזען טייער אין מיינע אויגען דארום האב איך דיך געעהרט, אונד איך האב דיך געליבט, אונד איך וועל אויך געבען מענשען אנשטאט דיר, אונד פעלקער אנשטאט פאר דיין לעבען: 5 האב קיין מורא וואריין איך בין מיט דיר, איך וועל ברענגען דיין זאמען פון מזרח־זייט, אונד פון מערב־זייט וועל איך דיך איינזאמלען: 6 איך וועל זאגען צו צפון־זייט, גיב

אהער

תְּנִי וּלְתֵימָן אַל־תִּכְלָאִי הָבִיאִי בָנַי מֵרָחוֹק וּבְנוֹתַי מִקְצֵה
7 הָאָרֶץ׃ כֹּל הַנִּקְרָא בִשְׁמִי וְלִכְבוֹדִי בְּרָאתִיו יְצַרְתִּיו אַף־
8 עֲשִׂיתִיו׃ הוֹצִיא עַם־עִוֵּר וְעֵינַיִם יֵשׁ וְחֵרְשִׁים וְאָזְנַיִם לָמוֹ׃
9 כָּל־הַגּוֹיִם נִקְבְּצוּ יַחְדָּו וְיֵאָסְפוּ לְאֻמִּים מִי בָהֶם יַגִּיד זֹאת
וְרִאשֹׁנוֹת יַשְׁמִיעֻנוּ יִתְּנוּ עֵדֵיהֶם וְיִצְדָּקוּ וְיִשְׁמְעוּ וְיֹאמְרוּ
י אֱמֶת׃ אַתֶּם עֵדַי נְאֻם־יְהוָה וְעַבְדִּי אֲשֶׁר בָּחָרְתִּי לְמַעַן
תֵּדְעוּ וְתַאֲמִינוּ לִי וְתָבִינוּ כִּי־אֲנִי הוּא לְפָנַי לֹא־נוֹצַר אֵל
11 וְאַחֲרַי לֹא יִהְיֶה׃ אָנֹכִי אָנֹכִי יְהוָה וְאֵין מִבַּלְעָדַי
12 מוֹשִׁיעַ׃ אָנֹכִי הִגַּדְתִּי וְהוֹשַׁעְתִּי וְהִשְׁמַעְתִּי וְאֵין בָּכֶם זָר
13 וְאַתֶּם עֵדַי נְאֻם־יְהוָה וַאֲנִי־אֵל׃ גַּם־מִיּוֹם אֲנִי הוּא וְאֵין
14 מִיָּדִי מַצִּיל אֶפְעַל וּמִי יְשִׁיבֶנָּה׃ כֹּה־אָמַר יְהוָה גֹּאַלְכֶם
קְדוֹשׁ יִשְׂרָאֵל לְמַעַנְכֶם שִׁלַּחְתִּי בָבֶלָה וְהוֹרַדְתִּי בְרִיחִים
טו כֻּלָּם וְכַשְׂדִּים בָּאֳנִיּוֹת רִנָּתָם׃ אֲנִי יְהוָה קְדוֹשְׁכֶם בּוֹרֵא
16 יִשְׂרָאֵל מַלְכְּכֶם׃ כֹּה אָמַר יְהוָה הַנּוֹתֵן בַּיָּם דָּרֶךְ
17 וּבְמַיִם עַזִּים נְתִיבָה׃ הַמּוֹצִיא רֶכֶב־וָסוּס חַיִל וְעִזּוּז יַחְדָּו
18 יִשְׁכְּבוּ בַּל־יָקוּמוּ דָּעֲכוּ כַּפִּשְׁתָּה כָבוּ׃ אַל־תִּזְכְּרוּ רִאשֹׁנוֹת
19 וְקַדְמֹנִיּוֹת אַל־תִּתְבֹּנָנוּ׃ הִנְנִי עֹשֶׂה חֲדָשָׁה עַתָּה תִצְמָח
הֲלוֹא תֵדָעוּהָ אַף אָשִׂים בַּמִּדְבָּר דֶּרֶךְ בִּישִׁמֹן נְהָרוֹת׃
כ תְּכַבְּדֵנִי חַיַּת הַשָּׂדֶה תַּנִּים וּבְנוֹת יַעֲנָה כִּי־נָתַתִּי בַמִּדְבָּר
21 מַיִם נְהָרוֹת בִּישִׁימֹן לְהַשְׁקוֹת עַמִּי בְחִירִי׃ עַם־זוּ יָצַרְתִּי
22 לִי תְּהִלָּתִי יְסַפֵּרוּ׃ וְלֹא־אֹתִי קָרָאתָ יַעֲקֹב כִּי־יָגַעְתָּ בִּי
23 יִשְׂרָאֵל׃ לֹא־הֵבֵיאתָ לִּי שֵׂה עֹלֹתֶיךָ וּזְבָחֶיךָ לֹא כִבַּדְתָּנִי
24 לֹא הֶעֱבַדְתִּיךָ בְּמִנְחָה וְלֹא הוֹגַעְתִּיךָ בִּלְבוֹנָה׃ לֹא־קָנִיתָ
לִי בַכֶּסֶף קָנֶה וְחֵלֶב זְבָחֶיךָ לֹא הִרְוִיתָנִי אַךְ הֶעֱבַדְתַּנִי
כה בְּחַטֹּאותֶיךָ הוֹגַעְתַּנִי בַּעֲוֺנֹתֶיךָ׃ אָנֹכִי אָנֹכִי הוּא מֹחֶה
26 פְשָׁעֶיךָ לְמַעֲנִי וְחַטֹּאתֶיךָ לֹא אֶזְכֹּר׃ הַזְכִּירֵנִי נִשָּׁפְטָה
27 יַחַד סַפֵּר אַתָּה לְמַעַן תִּצְדָּק׃ אָבִיךָ הָרִאשׁוֹן חָטָא

אֶהעֶר! אוּנְד צוּ דָרוֹם־זַייט הַאלְט נִיט צוּרִיק! בְּרֶענְג מַיינֶע זִיהְן פוּן ווייטְען אוּנְד מַיינֶע טֶעכְטֶער פוּן עֶק וֶועלְט׃ 7 אִיטְלִיכֶער וָואס וֶוערְט אָנְגֶערוּפֶען בַּייא מַיין נָאמֶען, וָוארִין אִיךְ הָאבּ אִיהְם בֶּעשַׁאפֶען צוּ מַיין כָּבוֹד, אִיךְ הָאבּ אִיהְם גֶעבִּילְדֶעט אוּנְד אוֹיךְ גֶעמַאכְט׃ 8 בְּרֶענְגְט אַרוֹיס דָאס בְּלִינְדֶע פָאלְק וָואס הָאבֶּען אוֹיגֶען, אוּנְד דִיא טוֹיבֶּע וָואס הָאבֶּען אוֹירֶען׃ 9 לָאזֶען זִיךְ אַלֶע גּוֹיִם צוּזַאמֶען פֶערזַאמְלֶען אוּנְד לָאזֶען זִיךְ דִיא אוּמּוֹת אַיינְזַאמֶעלְן, וֶוער פוּן זַייא קֶען דָאס דָאזִיגֶע דֶערְצֶעלֶען? אָדֶער אוּנְס הֶערֶען מַאכֶען דִיא פְרִיהֶערִיגֶע זַאכֶען, לָאזֶען זַייא אַהֶערְגֶעבֶּען זַייעֶרֶע עֵדוּת אַז זַייא זָאלֶען גֶערֶעכְט זַיין, אָדֶער לָאזֶען זַייא עֶס הֶערֶען אוּנְד זָאגֶען אַז עֶס אִיז אֱמֶת׃ 10 אִיהְר זֶענְט מַיינֶע עֵדוּת, זָאגְט גָאט, אוּנְד מַיין קְנֶעכְט וָואס אִיךְ הָאבּ אִיהְם אוֹיסְדֶערְוֶועלְט, כְּדֵי אִיהְר זָאלְט וִויסֶען אוּנְד אִיהְר זָאלְט מִיר גְלוֹיבֶּען אוּנְד פֶערְשְׁטֶעהְן אַז אִיךְ בִּין דֶער, פָאר מִיר אִיז קֵיין גָאט נִיט בֶּעשַׁאפֶען גֶעוָוארֶען, אוּנְד נָאךְ מִיר וֶועט אוֹיךְ קֵיינֶער נִיט זַיין׃ 11 אִיךְ בִּין דֶער הַאר, אוּנְד חוּץ מִיר אִיז קֵיין הֶעלְפֶער נִיט דָא׃ 12 אִיךְ הָאבּ עֶס אָנְגֶעזָאגְט אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעהָאלְפֶען, אוּנְד אִיךְ הָאבּ עֶס אֵייךְ גֶעמַאכְט הֶערֶען וֶוען עֶס וַואר קֵיין פְרֶעמְדֶער (גָאט) צְווִישֶׁען אֵייךְ, אוּנְד אִיהְר זֶענְט מַיינֶע עֵדוּת זָאגְט דֶער הַאר דָאס אִיךְ בִּין גָאט׃ 13 יָא, אֵיידֶער דֶער טָאג אִיז גֶעוֶועזֶען בִּין אִיךְ דֶער, אוּנְד קֵיינֶער קֶען פוּן מַיינֶע הַאנְד מַצִּיל זַיין, אִיךְ טְהוּא וֶוערְקֶען אוּנְד וֶוער זָאל עֶס צוּרִיקְקֶעהְרֶען? 14 אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר אֵייעֶר אוֹיסְלֶעזֶער, דֶער הֵיילִיגֶער פוּן יִשְׂרָאֵל, פוּן אֵייעֶרְטְווֶעגֶען הָאבּ אִיךְ גֶעשִׁיקְט קֵיין בָּבֶל אוּנְד הָאבּ זֵייא אַלֶע אַרוּפְּגֶעבְּרַאכְט מִיט רוּדֶערְן, אוּנְד דִיא כַּשְׂדִּים אִין שִׁיפְלֶעךְ מִיט זֵייעֶר גֶעזַאנְג׃ 15 אִיךְ בִּין דֶער הַאר אֵייעֶר הֵיילִיגֶער, דֶער בֶּעשֶׁעפֶער פוּן יִשְׂרָאֵל אֵייעֶר קֶענִיג׃ 16 אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר, דֶער וָואס מַאכְט אַ וֶועג אִין דֶעם יָם אוּנְד אַ שְׁטֶעג אִין דִיא שְׁטַארְקֶע וַואסֶערְן׃ 17 דֶער וָואס בְּרֶענְגְט אַרוֹיס דֶעם רֵייטְוָואגֶען מִיט דִיא פֶערְד, אַ חַיִל אוּנְד אַ שְׁטַארְקֶע מַאכְט, זֵייא וֶועלֶען זִיךְ צוּזַאמֶען אַנִידֶערְלֶעגֶען אוּנְד וֶועלֶען נִיט אוֹיפְשְׁטֶעהְן, זֵייא וֶועלֶען אוֹיסְגֶעהְן ווִיא אַ לִיכְטקְנוֹיט אוּנְד פֶערְלָאשֶׁען וֶוערֶען׃ 18 אִיהְר זָאלְט נִיט גֶעדֶענְקֶען דִיא עֶרְשְׁטֶע זַאכֶען, אוּנְד דָאס פְרִיהֶערִיגֶע זָאלְט אִיהְר נִיט בֶּעטְרַאכְטֶען׃ 19 זֶעה, אִיךְ מַאךְ נַייעֶס, אַצוּנְד וֶועט עֶס אוֹיסְשְׁפְּרָאצֶען, וֶועט אִיהְר עֶס דֶען נִיט וִויסֶען? אִיךְ וֶועל אוֹיךְ מַאכֶען אַ וֶועג אִין דֶער מִדְבָּר אוּנְד טֵייכֶען אִין דֶער וִוסְטֶענֵייא׃ 20 דִיא (ווִילְדֶע) חַיּוֹת פוּן דֶעם פֶעלְד וֶועלֶען מִיךְ עֶהְרֶען, דְרַאכֶען־שְׁלַאנְגֶען אוּנְד יוּנְגֶע שְׁטְרוֹיסֶען, ווייל אִיךְ הָאבּ גֶעגֶעבֶּען וַואסֶער אִין דֶער מִדְבָּר, אוּנְד טֵייכֶען אִין דֶער ווִיסְטֶענֵייא, מַיין אוֹיסְדֶערְוֶועלְטֶעם פָאלְק אָנְצוּטְרִינְקֶען׃ 21 דָאס דָאזִיגֶע פָאלְק הָאבּ אִיךְ בֶּעשַׁאפֶען פַאר מִיר, כְּדֵי זֵייא זָאלֶען דֶערְצֶעלֶען מַיין לוֹיבּ׃ 22 אָבֶּער דוּא הָאסְט נִיט אָנְגֶערוּפֶען אַן מַיין נָאמֶען, אָ יַעֲקֹב, נֵייעֶרְט דוּא בִּיזְט מִיט מִיר מִיד גֶעוָוארֶען אָ יִשְׂרָאֵל! 23 דוּא הָאסְט מִיר נִיט גֶעבְּרַאכְט קֵיין לֶעמֶעלֶע פוּן דֵיינֶע עוֹלוֹת, אוּנְד מִיט דֵיינֶע קָרְבָּנוֹת הָאסְט דוּא מִיךְ נִיט מְכַבֵּד גֶעוֶועזֶען, אִיךְ הָאבּ דִיךְ נִיט גֶעמַאכְט דִינֶען מִיט אַ קָרְבַּן מִנְחָה, אוּנְד אִיךְ הָאבּ דִיךְ אוֹיךְ נִיט מִיד גֶעמַאכְט מִיט ווֵייהְרוֹיךְ׃ 24 דוּא הָאסְט מִיר אוֹיךְ נִיט פַאר גֶעלְד גֶעקוֹיפְט קֵיין צִימֶערְרוּנְד, אוּנְד דוּא הָאסְט מִיךְ נִיט זַאט גֶעמַאכְט מִיט דֶעם חֵלֶב פוּן דֵיינֶע קָרְבָּנוֹת, נֵייעֶרְט דוּא הָאסְט מִיר אַרְבֵּייט גֶעמַאכְט דוּרְךְ דֵיינֶע זִינְד, אוּנְד דוּא הָאסְט מִיךְ מִיד גֶעמַאכְט מִיט דֵיינֶע זִינְד׃ 25 אִיךְ בִּין דֶער וָואס מֶעקְט אוֹיס דֵיינֶע זִינְד פוּן מֵיינֶעטְוֶועגֶען, אוּנְד אִיךְ וֶועל נִיט גֶעדֶענְקֶען אַן דֵיינֶע חַטָּאִים׃ 26 דֶערְמָאן מִיךְ דָאךְ, לָאמֶיר צוּזַאמֶען הָאבֶּען אַ ווִכּוּחַ, דֶערְצֶעהל דוּא עֶס כְּדֵי דוּא זָאלְסְט גֶערֶעכְט זַיין׃

27 דיין ערשטער פאטער האט געזינדיגט
אונד דיינע מליצים האבען קעגען מיר
מורד געוועזען: 28 דארום האב איך מחלל
געוועזען דיא היילינגע הארען, אונד איך
וועל יעקב אין חרם געבען אונד ישראל
צו דיא לעסטערונג:

## קאפיטעל מד

1 אונד אצונד הער מיין קנעכט יעקב אונד
ישראל וואס איך האב איהם אויסדערר־
וועלט: 2 אזוי זאגט דער האר וואס האט
דיך געמאכט, אונד וואס האט דיך בעשאַ־
פען, פון דיין מוטערס בויך אן האט ער
דיר געהאלפען, האב קיין מורא מיין קנעכט
יעקב, אונד דוא ישרון, וואס איך האב
איהם אויסדערוועלט: 3 וואַרין איך וועל
גיסען וואסער אויף דעם דורשטיגען, אונד
רינענדיגעס וואסער אויף דעם טרוקענעם
(לאנד), איך וועל אויסגיסען מיין רוח
הקודש אויף דיין זאמען, אונד מיינע
ברכה אויף דיינע קינדער: 4 אונד זייא
וועלען אויסשפּראצען וויא צווישען גראז
אזוי וויא ווערבים בייא וואסער־טייכען:
5 איינער וועט זאגען איך געהער צו דעם
האר, אונד איין אנדערער וועט זיך אנרופען
מיט דעם נאמען פון יעקב, אונד איין אנדערער וועט זיך אונטערשרייבען מיט זיינע האנד
צו גאט, אונד וועט זיך געבען א צונאמען ישראל: 6 אזוי זאגט דער האר, דער מלך פון
ישראל אונד זיין אויסלעזער דער האר צבאות, איך בין דער ערשטער אונד איך בין
דער לעצטער, אונד חוץ מיר איז קיין גאט ניט דא: 7 אונד ווער קען אזוי וויא איך,
אז ער זאל רופען אונד עס אנזאגען, אונד ער זאל עס פאר מיר צובערייטען, זייט דעם איך
האב בעשאפען דאס אלטע פאלק? אונד דאס וואס וועט אנקומען לאזען זייא עס אנזאגען:
8 דערשרעקט אייך ניט אונד ציטערט ניט, האב איך עס דיך ניט פון לאנג אהער געלאזט
הערען, אונד איך האב עס אנגעזאגט? איהר זענט מיינע עדות, אויב עס איז פערהאנדען א
גאט חוץ מיר, אונד אז עס איז ניט דא קיין פעלז, איך קען קיינעם ניט: 9 דיא וואס מאכען
געצען־בילדער זענען אלע גארניט, אונד זייערע לוסטיגע בילדער קענען זייא גארניט
העלפען, אונד זייא זענען זעלבסט זייערע עדות, אז זייא קענען ניט זעהען אונד וויסען ניט,
כדי זייא זאלען פערשעמט ווערען: 10 ווער מאכט א גאט אונד גיסט א בילד וואס האט
קיין נוצען? 11 זעה אלע זיינע חברים וועלען פערשעמט ווערען, אונד אויך דיא מייסטער
זייא זענען פון מענשען, זייא וועלען זיך אלע איינזאמעלן, זייא וועלען זיך אנידערשטעלען
אונד שרעקען אונד מיט אנאנדער פערשעמט ווערען: 12 דער שמיד מיט איינע אייזער־
נע צוואנג ארבייט אין דיא קוילען, אונד מיט האמערן ווערקט ער עס מיט זיין שטארקען
ארעם, ער ווערט אויך הונגריג אונד ער האט ניט קיין כח, ער טרינקט ניט קיין וואסער
אונד ער ווערט מיד: 13 דער טישלער ציהט אויס דיא מעסט־שנור, אונד בעצייכענט עס
מיט א בלייא־שטיפט, ער בעארבייט עס מיט הובעלן, אונד צייכענט עס מיט א צירקעל,
אונד מאכט עס אין דיא געשטאלט פון א מענש, אפילו וויא א שענער מענש אין דעם
הויז צו בלייבען: 14 ער שניידעט זיך אפ טענען־ביימער אונד נעמט אויך ציפּרעסען־
ביימער, אונד ער מאכט זייא פאר זיך שטארק צווישען דיא ביימער פון דעם וואלד,
ער פלאנצט א צווייג אונד דער רעגען מאכט זיא וואקסען: 15 אונד עס וועט זיין
פאר א מענש צו דעם ברענען, אונד ער נעמט דערפון זיך צו דערוואַרמען, אויך
הייצט מען אונד מען באקט ברויט, ער מאכט אויך דערפון א גאט אונד
ביקט זיך דערצו, ער מאכט א געצען־בילד אונד קניעט זיך צו איהם אנידער:
16 א העלפט דערפון פערברענט ער אים פייער, פון דער אנדערער העלפט

28 ומליצך פשעו בי: ואחלל שרי קדש ואתנה לחרם
יעקב וישראל לגדופים:

## מד

מד

א 2 ועתה שמע יעקב עבדי וישראל בחרתי בו: כה־אמר
יהוה עשך ויצרך מבטן יעזרך אל־תירא עבדי יעקב
3 וישרון בחרתי בו: כי אצק־מים על־צמא ונזלים על־
4 יבשה אצק רוחי על־זרעך וברכתי על־צאצאיך: וצמחו
ה בבין חציר כערבים על־יבלי־מים: זה יאמר ליהוה
אני וזה יקרא בשם־יעקב וזה יכתב ידו ליהוה ובשם
6 ישראל יכנה: כה־אמר יהוה מלך־ישראל וגאלו
יהוה צבאות אני ראשון ואני אחרון ומבלעדי אין אלהים:
7 ומי־כמוני יקרא ויגידה ויערכה לי משומי עם־עולם
8 ואתיות ואשר תבאנה יגידו למו: אל־תפחדו ואל־
תרהו הלא מאז השמעתיך והגדתי ואתם עדי היש
9 אלוה מבלעדי ואין צור בל־ידעתי: יצרי־פסל כלם
תהו וחמודיהם בל־יועילו ועדיהם המה בל־יראו ובל־
י ידעו למען יבשו: מי־יצר אל ופסל נסך לבלתי הועיל:
11 הן כל־חבריו יבשו וחרשים המה מאדם יתקבצו כלם
12 יעמדו יפחדו יבשו יחד: חרש ברזל מעצד ופעל
בפחם ובמקבות יצרהו ויפעלהו בזרוע כחו גם־רעב
13 ואין כח לא־שתה מים וייעף: חרש עצים נטה קו
יתארהו בשרד יעשהו במקצעות ובמחוגה יתארהו
ויעשהו כתבנית איש כתפארת אדם לשבת בית:
14 לכרת־לו ארזים ויקח תרזה ואלון ויאמץ־לו בעצי־יער
טו נטע ארן וגשם יגדל: והיה לאדם לבער ויקח מהם
ויחם אף־ישיק ואפה לחם אף־יפעל־אל וישתחו עשהו
16 פסל ויסגד־למו: חציו שרף במו־אש על־חציו בשר

יֹאכַל יִצְלֶה צָלִי וְיִשְׂבָּע אַף־יָחֹם וְיֹאמַר הֶאָח חַמּוֹתִי
17 רָאִיתִי אוּר׃ וּשְׁאֵרִיתוֹ לְאֵל עָשָׂה לְפִסְלוֹ יִסְגּוֹד־לוֹ
18 וְיִשְׁתַּחוּ וְיִתְפַּלֵּל אֵלָיו וְיֹאמַר הַצִּילֵנִי כִּי אֵלִי אָתָּה׃ לֹא
יָדְעוּ וְלֹא יָבִינוּ כִּי טַח מֵרְאוֹת עֵינֵיהֶם מֵהַשְׂכִּיל לִבֹּתָם׃
19 וְלֹא־יָשִׁיב אֶל־לִבּוֹ וְלֹא דַעַת וְלֹא־תְבוּנָה לֵאמֹר חֶצְיוֹ
שָׂרַפְתִּי בְמוֹ־אֵשׁ וְאַף אָפִיתִי עַל־גֶּחָלָיו לֶחֶם אֶצְלֶה
בָשָׂר וְאֹכֵל וְיִתְרוֹ לְתוֹעֵבָה אֶעֱשֶׂה לְבוּל עֵץ אֶסְגּוֹד׃
כ רֹעֶה אֵפֶר לֵב הוּתַל הִטָּהוּ וְלֹא־יַצִּיל אֶת־נַפְשׁוֹ וְלֹא
21 יֹאמַר הֲלוֹא־שֶׁקֶר בִּימִינִי׃ זְכָר־אֵלֶּה יַעֲקֹב וְיִשְׂרָאֵל
כִּי עַבְדִּי־אָתָּה יְצַרְתִּיךָ עֶבֶד־לִי אַתָּה יִשְׂרָאֵל לֹא תִנָּשֵׁנִי׃
22 מָחִיתִי כָעָב פְּשָׁעֶיךָ וְכֶעָנָן חַטֹּאותֶיךָ שׁוּבָה אֵלַי כִּי גְאַלְתִּיךָ׃
23 רָנּוּ שָׁמַיִם כִּי־עָשָׂה יְהוָה הָרִיעוּ תַּחְתִּיּוֹת אָרֶץ פִּצְחוּ
הָרִים רִנָּה יַעַר וְכָל־עֵץ בּוֹ כִּי־גָאַל יְהוָה יַעֲקֹב וּבְיִשְׂרָאֵל
24 יִתְפָּאָר׃ כֹּה־אָמַר יְהוָה גֹּאֲלֶךָ וְיֹצֶרְךָ מִבָּטֶן אָנֹכִי יְהוָה
כה עֹשֶׂה כֹּל נֹטֶה שָׁמַיִם לְבַדִּי רֹקַע הָאָרֶץ מֵאִתִּי׃ מֵפֵר
אֹתוֹת בַּדִּים וְקֹסְמִים יְהוֹלֵל מֵשִׁיב חֲכָמִים אָחוֹר
26 וְדַעְתָּם יְסַכֵּל׃ מֵקִים דְּבַר עַבְדּוֹ וַעֲצַת מַלְאָכָיו יַשְׁלִים
הָאֹמֵר לִירוּשָׁלִַם תּוּשָׁב וּלְעָרֵי יְהוּדָה תִּבָּנֶינָה וְחָרְבוֹתֶיהָ
27 28 אֲקוֹמֵם׃ הָאֹמֵר לַצּוּלָה חֳרָבִי וְנַהֲרֹתַיִךְ אוֹבִישׁ׃ הָאֹמֵר
לְכוֹרֶשׁ רֹעִי וְכָל־חֶפְצִי יַשְׁלִם וְלֵאמֹר לִירוּשָׁלִַם תִּבָּנֶה
וְהֵיכָל תִּוָּסֵד׃

## מה מה

א כֹּה־אָמַר יְהוָה לִמְשִׁיחוֹ לְכוֹרֶשׁ אֲשֶׁר־הֶחֱזַקְתִּי בִימִינוֹ
לְרַד־לְפָנָיו גּוֹיִם וּמָתְנֵי מְלָכִים אֲפַתֵּחַ לִפְתֹּחַ לְפָנָיו
2 דְּלָתַיִם וּשְׁעָרִים לֹא יִסָּגֵרוּ׃ אֲנִי לְפָנֶיךָ אֵלֵךְ וַהֲדוּרִים
3 אוּשֵּׁר דַּלְתוֹת נְחוּשָׁה אֲשַׁבֵּר וּבְרִיחֵי בַרְזֶל אֲגַדֵּעַ׃ וְנָתַתִּי
לְךָ אוֹצְרוֹת חֹשֶׁךְ וּמַטְמֻנֵי מִסְתָּרִים לְמַעַן תֵּדַע כִּי אֲנִי

עֶסְט עֶר פְלֵיישׁ וָואס עֶר הָאט דַאבֵּייא גֶעבְּרָאטֶען, אוּנְד זֶעטִיגְט זִיךְ, עֶר וַוארֶעמְט זִיךְ אוֹיךְ דֶערְבַּייא אוּנְד זָאגְט, אַהַא! אִיךְ בִּין וַוארֶעם, אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען דָאס (פֵייעֶר) לִיכְט! 17 אוּנְד פוּן דֶעם אִיבְּרִיגֶען מַאכְט עֶר אַ גָאט, זַיין גֶעצֶען־בִּילְד, עֶר קְנִיעֶט זִיךְ אַנִידֶער אוּנְד בִּיקְט זִיךְ דַאצוּ אוּנְד טְהוּט צוּ אִיהְם בֶּעטֶען, אוּנְד עֶר זָאגְט, זַייא מִיךְ מַצִיל וָוארִין דוּא בִּיזְט מֵיין גָאט: 18 זַייא וֵוייסֶען נִיט, אוּנְד זַייא פֶערְשְׁטֶעהֶען נִיט, וָוארִין זַיירֶע אוֹיגֶען זֶענֶען פֶערְקְלֶעבְּט אַז זַייא קֶענֶען נִיט זֶעהֶען, אוּנְד זַייא פֶערְשְׁטֶעהֶען נִיט מִיט זַיירֶע הֶערְצֶער: 19 אוּנְד קֵיינֶער בֶּעטְרַאכְט עֶס אִין זַיין הַארְץ צוּ וִויסֶען אוּנְד צוּ פֶערְשְׁטֶעהְן, אַז עֶר זָאל זָאגֶען, דִיא הֶעלְפְט דַאפוּן הָאבּ אִיךְ פֶערְבְּרֶענְט אִים פֵייעֶר, אוּנְד אוֹיף זַיינֶע קוֹילֶען הָאבּ אִיךְ גֶעבַּאקֶען בְּרוֹיט, אוּנְד גֶעבְּרָאטֶען פְלֵיישׁ אוּנְד אִיךְ הָאבּ עֶס גֶעגֶעסֶען, אוּנְד זָאל אִיךְ דָאס אִיבְּרִיגֶע מַאכֶען צוּ אֵיינֶע אוּמְוֶוערְדִיגְקֵייט, אוּנְד זָאל אִיךְ מִיךְ צוּ דֶעם הָאלְץ בִּיקֶען? 20 עֶר דֶערְנֶעהְרְט זִיךְ מִיט אַשׁ, אַ נַארִישֶׁעס הַארְץ הָאט אִיהְם פֶערְפִיהְרְט, עֶר קֶען זִיךְ נִיט מַצִיל זַיין, אוּנְד עֶר זָאגְט אוֹיךְ נִיט, אִיז נִיט אַ לִיגֶען אִין מֵיינֶע רֶעכְטֶע הַאנְד? 21 גֶעדֶענְק דָאךְ דִיא דָאזִיגֶע זַאכֶען אָ יַעֲקֹב אוּנְד יִשְׂרָאֵל! וָוארִין דוּא בִּיזְט מֵיין קְנֶעכְט, אִיךְ הָאבּ דִיךְ בֶּעשַׁאפֶען, דוּא בִּיזְט מֵיין קְנֶעכְט אָ יִשְׂרָאֵל, דוּא זָאלְסְט פוּן מִיר נִיט פֶערְגֶעסֶען וֶוערֶען: 22 אִיךְ הָאבּ אוֹיסְגֶעמֶעקְט דֵיינֶע זִינְד וִויא אַ דִיקֶען וָואלְקֶען, אוּנְד דֵיינֶע חַטָאִים וִויא אַ וָואלְקֶען, קֶעהְר צוּרִיק צוּ מִיר וָוארִין אִיךְ הָאבּ דִיךְ אוֹיסְגֶעלֶעזְט: 23 זִינְגְט אִיהְר הִימֶעל, וָוארִין גָאט הָאט דָאס גֶעטְהוּן, שַׁאלְט דָאךְ אִיהְר אוּנְטֶערְשְׁטֶע עֶרְד; בְּרֶעכְט אוֹיס מִיט גֶעזַאנְג אִיהְר בֶּערְג, לָאז דֶער וַואלְד זִינְגֶען אוּנְד אַלֶע בֵּיימֶער וָואס זֶענֶען דָארִין, וָוארִין דֶער הַאר הָאט אוֹיסְגֶעלֶעזְט יַעֲקֹב, אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ פֶערְהֶערְלִיכְט אִין יִשְׂרָאֵל: 24 אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר דֵיין אוֹיסְלֶעזֶער, אוּנְד וָואס הָאט דִיךְ בֶּעשַׁאפֶען אִין מוּטֶערְלֵייבּ, אִיךְ בִּין דֶער הַאר וָואס הָאט אַלֶעס גֶעמַאכְט, אִיךְ הָאבּ אַלֵיין דֶעם הִימֶעל אוֹיסְגֶעשְׁפְּרֵייט, אִיךְ הָאבּ פוּן מִיר דִיא עֶרְד אוֹיסְגֶעבְּרֵייט: 25 אִיךְ בִּין דֶער וָואס צוּשְׁטֶערְט דִיא צֵייכֶען (פוּן דִיא לִיגְנֶערְס), אוּנְד אִיךְ מַאךְ דִיא כִּישׁוּף מַאכֶערְס מְשׁוּגָע, עֶר קֶעהְרְט דִיא חֲכָמִים הִינְטֶער זִיךְ צוּרִיק, אוּנְד זַיירֶע וִויסֶענְשַׁאפְט מַאכְט עֶר נַארִישׁ: 26 וָואס טְהוּט מְקַיֵים זַיין דָאס וָוארְט פוּן זַיין קְנֶעכְט, אוּנְד דִיא עֵצָה פוּן זַיינֶע שְׁלוּחִים טְהוּט עֶר גַאנְץ מַאכֶען, דֶער וָואס זָאגְט צוּ יְרוּשָׁלַיִם דוּא זָאלְסְט בֶּעוָואוֹינְט וֶוערֶען, אוּנְד צוּ דִיא שְׁטֶעט פוּן יְהוּדָה זַייא זָאלֶען אוֹיפְגֶעבּוֹיעט וֶוערֶען, אוּנְד אִיהְרֶע פֶּערְוִויסְטוּנְגֶען וֶועל אִיךְ (וִוידֶער) אוֹיפְשְׁטֶעלֶען: 27 דֶער וָואס זָאגְט צוּ דֶער טִיפֶענִים וֶוער אוֹיסְגֶעטְרִיקֶענְט, אוּנְד דִיא טֵייכֶען וֶועל אִיךְ (אוֹיךְ) אוֹיסְטְרִיקֶענֶען: 28 דֶער וָואס זָאגְט צוּ כּוֹרֶשׁ, עֶר אִיז מֵיין פַּאסְטוּךְ, עֶר וֶועט פָאלְקָאמֶען מַאכֶען אַלֶעס וָואס אִיךְ בֶּעגֶעהְר, אוּנְד עֶר וֶועט זָאגֶען צוּ יְרוּשָׁלַיִם, זִיא זָאל (וִוידֶער) אוֹיפְגֶעבּוֹיעט וֶוערֶען, אוּנְד דָאס הֵיכָל (בֵּית הַמִקְדָשׁ) זָאל וִוידֶער גֶעגְרוּנְדְפֶעסְטִיגְט וֶוערֶען:

## קאפיטעל מה

1 אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר צוּ זַיין גֶעזַאלְבְּטֶען, צוּ כּוֹרֶשׁ, וָואס אִיךְ דֶערְהַאלְט אִיהְם מִיט מֵיינֶע רֶעכְטֶע הַאנְד, כְּדֵי פֶעלְקֶער פָאר אִיהְם אוּנְטֶערְטֶענִיג צוּ מַאכֶען, אוּנְד אִיךְ וֶועל אוֹיפְמַאכֶען דִיא לֶענְדֶען פוּן מְלָכִים, אוּנְד אִיךְ וֶועל פָאר אִיהְם אוֹיפְמַאכֶען דִיא טִירֶען, אוּנְד דִיא טוֹיעֶרְן זָאלֶען נִיט פֶערְשְׁלָאסֶען וֶוערֶען: 2 אִיךְ וֶועל פָאר דִיר גֶעהְן, אוּנְד אִיךְ וֶועל דָאס קְרִימֶע גְרָאד מַאכֶען, אִיךְ וֶועל אוֹיף שְׁטִיקֶער צוּבְּרֶעכֶען דִיא קוּפֶּערְנֶע טוֹיעֶרְן, אוּנְד דִיא אֵייזֶערְנֶע רִיגֶעלְן וֶועל אִיךְ צוּהַאקֶען: 3 אוּנְד אִיךְ וֶועל דִיר גֶעבֶּען דִיא אוֹצְרוֹת וָואס זֶענֶען אִין פִינְסְטֶערֶע עֶרְטֶער, אוּנְד דִיא רֵייכְטִימֶער וָואס זֶענֶען אִים פֶערְבָּארְגֶענֶעם, כְּדֵי דוּא זָאלְסְט וִויסֶען אַז אִיךְ

דער

יְהוָה הַקּוֹרֵא בְשִׁמְךָ אֱלֹהֵי יִשְׂרָאֵל׃ לְמַעַן עַבְדִּי יַעֲקֹב 4
וְיִשְׂרָאֵל בְּחִירִי וָאֶקְרָא לְךָ בִּשְׁמֶךָ אֲכַנְּךָ וְלֹא יְדַעְתָּנִי׃
אֲנִי יְהוָה וְאֵין עוֹד זוּלָתִי אֵין אֱלֹהִים אֲאַזֶּרְךָ וְלֹא יְדַעְתָּנִי׃ ה
לְמַעַן יֵדְעוּ מִמִּזְרַח־שֶׁמֶשׁ וּמִמַּעֲרָבָהּ כִּי־אֶפֶס בִּלְעָדָי 6
אֲנִי יְהוָה וְאֵין עוֹד׃ יוֹצֵר אוֹר וּבוֹרֵא חֹשֶׁךְ עֹשֶׂה שָׁלוֹם 7
וּבוֹרֵא רָע אֲנִי יְהוָה עֹשֶׂה כָל־אֵלֶּה׃ הַרְעִיפוּ 8
שָׁמַיִם מִמַּעַל וּשְׁחָקִים יִזְּלוּ־צֶדֶק תִּפְתַּח־אֶרֶץ וְיִפְרוּ־יֶשַׁע
וּצְדָקָה תַצְמִיחַ יַחַד אֲנִי יְהוָה בְּרָאתִיו׃ הוֹי רָב 9
אֶת־יֹצְרוֹ חֶרֶשׂ אֶת־חַרְשֵׂי אֲדָמָה הֲיֹאמַר חֹמֶר לְיֹצְרוֹ
מַה־תַּעֲשֶׂה וּפָעָלְךָ אֵין־יָדַיִם לוֹ׃ הוֹי אֹמֵר לְאָב 10
מַה־תּוֹלִיד וּלְאִשָּׁה מַה־תְּחִילִין׃ כֹּה־אָמַר יְהוָה קְדוֹשׁ 11
יִשְׂרָאֵל וְיֹצְרוֹ הָאֹתִיּוֹת שְׁאָלוּנִי עַל־בָּנַי וְעַל־פֹּעַל יָדַי
תְּצַוֻּנִי׃ אָנֹכִי עָשִׂיתִי אֶרֶץ וְאָדָם עָלֶיהָ בָרָאתִי אֲנִי יָדַי 12
נָטוּ שָׁמַיִם וְכָל־צְבָאָם צִוֵּיתִי׃ אָנֹכִי הַעִירֹתִהוּ בְצֶדֶק וְכָל־ 13
דְּרָכָיו אֲיַשֵּׁר הוּא־יִבְנֶה עִירִי וְגָלוּתִי יְשַׁלֵּחַ לֹא בִמְחִיר
וְלֹא בְשֹׁחַד אָמַר יְהוָה צְבָאוֹת׃ כֹּה ׀ אָמַר יְהוָה 14
יְגִיעַ מִצְרַיִם וּסְחַר־כּוּשׁ וּסְבָאִים אַנְשֵׁי מִדָּה עָלַיִךְ יַעֲבֹרוּ
וְלָךְ יִהְיוּ אַחֲרַיִךְ יֵלֵכוּ בַּזִּקִּים יַעֲבֹרוּ וְאֵלַיִךְ יִשְׁתַּחֲווּ אֵלַיִךְ
יִתְפַּלָּלוּ אַךְ בָּךְ אֵל וְאֵין עוֹד אֶפֶס אֱלֹהִים׃ אָכֵן אַתָּה אֵל טו
מִסְתַּתֵּר אֱלֹהֵי יִשְׂרָאֵל מוֹשִׁיעַ׃ בּוֹשׁוּ וְגַם־נִכְלְמוּ כֻּלָּם 16
יַחְדָּו הָלְכוּ בַכְּלִמָּה חָרָשֵׁי צִירִים׃ יִשְׂרָאֵל נוֹשַׁע בַּיהוָה 17
תְּשׁוּעַת עוֹלָמִים לֹא־תֵבֹשׁוּ וְלֹא־תִכָּלְמוּ עַד־עוֹלְמֵי עַד׃
כִּי כֹה אָמַר־יְהוָה בּוֹרֵא הַשָּׁמַיִם הוּא הָאֱלֹהִים 18
יֹצֵר הָאָרֶץ וְעֹשָׂהּ הוּא כוֹנְנָהּ לֹא־תֹהוּ בְרָאָהּ לָשֶׁבֶת
יְצָרָהּ אֲנִי יְהוָה וְאֵין עוֹד׃ לֹא בַסֵּתֶר דִּבַּרְתִּי בִּמְקוֹם 19
אֶרֶץ חֹשֶׁךְ לֹא אָמַרְתִּי לְזֶרַע יַעֲקֹב תֹּהוּ בַקְּשׁוּנִי אֲנִי יְהוָה
דֹּבֵר צֶדֶק מַגִּיד מֵישָׁרִים׃ הִקָּבְצוּ וָבֹאוּ הִתְנַגְּשׁוּ יַחְדָּו כ
פְּלִיטֵי הַגּוֹיִם לֹא יָדְעוּ הַנֹּשְׂאִים אֶת־עֵץ פִּסְלָם וּמִתְפַּלְלִים

דֶער הַאר וָואס הָאט דִיךְ אָנְגֶערוּפֶען בַּייא
דַיין נָאמֶען, בִּין דֶער גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל׃
4 פוּן וֶועגֶען מַיין קְנֶעכְט יַעֲקֹב, אוּנְד
יִשְׂרָאֵל וָואס אִיךְ הָאבּ אִיהְם אוֹיסְדֶערְוֶועלְט,
הָאבּ אִיךְ דִיךְ גֶערוּפֶען בַּייא דַיין נָאמֶען,
אִיךְ הָאבּ דִיר אַ צוּנָאמֶען גֶעגֶעבֶּען חָאטְשֶׁע
דוּא הָאסְט מִיךְ נִיט גֶעקֶענְט׃ 5 אִיךְ בִּין
דֶער הַאר אוּנְד קֵיינֶער מֶעהְר, אוּנְד חוּץ
מִיר אִיז קֵיין גָאט נִיט דָא, אִיךְ הָאבּ דִיךְ
אָנְגֶעגַארְטֶעלְט חָאטְשֶׁע דוּא הָאסְט מִיךְ
נִיט גֶעקֶענְט׃ 6 כְּדֵי מֶען זָאל עֶס וִויסֶען
פוּן מִזְרַח־זַייט אוּנְד פוּן מַעֲרָב־זַייט אַז חוּץ
מִיר אִיז קֵיינֶער דָא, אִיךְ בִּין דֶער הַאר
אוּנְד עֶס אִיז קֵיין אַנְדֶערֶער דָא׃ 7 אִיךְ
בֶּעשַׁאף דָאס לִיכְט אוּנְד אִיךְ בֶּעשַׁאף דִיא
פִינְסְטֶערְנִים, אִיךְ מַאךְ שָׁלוֹם אוּנְד בֶּעשַׁאף
שְׁלֶעכְטֶעס, אִיךְ דֶער הַאר טְהוּא אַלֶע דִיא
דָאזִיגֶע זַאכֶען׃ 8 טְרִיפֶט אִיהְר הִימֶעלְן פוּן
אוֹיבֶּען, אוּנְד לָאזֶען דִיא הִימֶעל־וָואלְקֶען
אַרוּנְטֶער רִינֶען גֶערֶעכְטִיגְקֵייט, לָאז זִיךְ
דִיא עֶרְד אוֹיפְמַאכֶען אַז עֶס זָאל הִילְפֶע
אַרוֹיסְוַואקְסֶען, אוּנְד גֶערֶעכְטִיגְקֵייט צוּ־
זַאמֶען אַרוֹיסְשְׁפְּרָאצֶען, אִיךְ דֶער הַאר
הָאבּ עֶס בֶּעשַׁאפֶען׃ 9 אוֹי וֶועה, צוּ דֶעם
וָואס קְרִיגְט זִיךְ מִיט זַיין בֶּעשֶׁעפֶער! לָאז
זִיךְ אַ שַׁארְבֶּען קְרִיגֶען מִיט אַ שַׁארְבֶּען פוּן דֶער עֶרְד—זָאל דֶער לֵיים זָאגֶען צוּ דֶעם
טֶעפֶּער, וָואס מַאכְסְט דוּא? אָדֶער זָאל דַיינֶע אַרְבֵּייט (זָאגֶען), עֶר הָאט נִיט קֵיינֶע הֶענְד?
10 אוֹי וֶועה צוּ דֶעם וָואס זָאגְט צוּ זַיין פָאטֶער וָואס הָאסְט דוּא גֶעבּוֹירֶען, אוּנְד צוּ דֶעם
ווייבּ וָואס הָאסְט דוּא גֶעבּוֹירֶען? 11 אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר דֶער הֵיילִיגֶער פוּן יִשְׂרָאֵל, אוּנְד
זַיין בֶּעשֶׁעפֶער, פְרֶעגְט מִיךְ זַאכֶען וָואס וֶועלֶען קוּמֶען אוֹיף מֵיינֶע קִינְדֶער, אוּנְד בֶּעפֶעהְלְט
מִיר וֶועגֶען דֶעם וֶוערְק פוּן מֵיינֶע הֶענְד׃ 12 אִיךְ הָאבּ גֶעמַאכְט דִיא עֶרְד, אוּנְד הָאבּ דֶעם
מֶענְשׁ דַארוֹיף בֶּעשַׁאפֶען, אִיךְ הָאבּ מִיט מֵיינֶע הֶענְד אוֹיסְגֶעצוֹיגֶען דֶעם הִימֶעל, אוּנְד אַלֶע
זֵיירֶע חַיָּלוֹת הָאבּ אִיךְ גֶעבָּאטֶען׃ 13 אִיךְ הָאבּ אִיהְם דֶערְוֶועקְט מִיט גֶערֶעכְטִיגְקֵייט, אוּנְד
אִיךְ וֶועל גְרָאד מַאכֶען אַלֶע זַיינֶע וֶועגֶען, עֶר וֶועט בּוֹיעֶן מֵיינֶע שְׁטָאט, אוּנְד עֶר וֶועט מֵיינֶע
פֶערְטְרִיבֶּענֶע אַרוֹיסְשִׁיקֶען, נִיט פַאר קוֹיפְגֶעלְד אוּנְד נִיט פַאר שֹׁחַד, זָאגְט דֶער הַאר
צְבָאוֹת׃ 14 אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר, דִיא אַרְבֵּייט פוּן מִצְרַיִם, אוּנְד דֶער הַאנְדֶעל פוּן כּוּשׁ,
אוּנְד פוּן דִיא סְבָאִים, (וָואס זֶענֶען) מֶענֶער פוּן (גְרוֹיסֶען) מָאס וֶועלֶען צוּ דִיר אַרִיבֶּערְקוּמֶען,
אוּנְד זַייא וֶועלֶען דַיין זַיין, זַייא וֶועלֶען דִיר נָאכְגֶעהְן, אִין קֶעטֶען וֶועלֶען זַייא אַרִיבֶּערְקוּמֶען,
אוּנְד זַייא וֶועלֶען זִיךְ צוּ דִיר בִּיקֶען, אוּנְד זַייא וֶועלֶען צוּ דִיר בֶּעטֶען, (זַייא וֶועלֶען זָאגֶען)
אַז נָאר בַּייא דִיר אִיז גָאט, אוּנְד חוּץ דִיר אִיז נִיט דָא קֵיין גָאט׃ 15 בֶּאֱמֶת דוּא בִּיזְט אַ גָאט
וָואס בֶּעהַאלְטְסְט דִיךְ, דֶער גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל, דֶער הֶעלְפֶער׃ 16 זַייא זָאלֶען אַלֶע צוּזַאמֶען
מְבוּיָשׁ אוּנְד פֶערְשֶׁעמְט וֶוערֶען, זַייא וֶועלֶען אַרוּמְגֵיין מִיט שַׁאנְד וָואס מַאכֶען גֶעצֶענְ־
בִּילְדֶער׃ 17 יִשְׂרָאֵל וֶועט גֶעהָאלְפֶען וֶוערֶען דוּרְךְ דֶעם הַאר מִיט אֵיינֶע עֶבִּיגֶע הִילְף,
זַייא וֶועלֶען נִיט מְבוּיָשׁ אוּנְד נִיט פֶערְשֶׁעמְט וֶוערֶען אוֹיף אִימֶער אוּנְד עֶבִּיג׃ 18 וָוארִין
אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר וָואס הָאט בֶּעשַׁאפֶען דִיא הִימֶעל, עֶר אִיז דֶער גָאט וָואס הָאט בֶּע־
שַׁאפֶען דִיא עֶרְד אוּנְד הָאט זִיא גֶעמַאכְט, עֶר הָאט זִיא אָנְגֶעבְּרֵייט, עֶר הָאט זִיא נִיט בֶּע־
שַׁאפֶען צוּ וִויסְטִיגְקֵייט, עֶר הָאט זִיא בֶּעשַׁאפֶען אַז זִיא זָאל בֶּעווֹאוֹינְט וֶוערֶען, אִיךְ בִּין דֶער
הַאר אוּנְד קֵיינֶער נִיט מֶעהְר׃ 19 אִיךְ הָאבּ נִיט גֶערֶעט אִים פֶערְבָּארְגֶענֶעם, אוּנְד נִיט אִין
דֶעם אָרְט פוּן דֶעם פִינְסְטֶערְן לַאנְד, אִיךְ הָאבּ אוֹיךְ נִיט גֶעזָאגְט צוּ דֶעם זָאמֶען פוּן יַעֲקֹב
אִיהְר זָאלְט מִיךְ אוּמְזוּסְט זוּכֶען, אִיךְ דֶער הַאר רֶעד גֶערֶעכְטִיגְקֵייט, אִיךְ זָאג
אָן זַאכֶען וָואס זֶענֶען רֶעכְטְפַארְטִיג׃ 20 פֶערְזַאמֶעלְט אֵייךְ, אוּנְד קוּמְט, גֶעע־
נֶעהְנְט אֵייךְ צוּזַאמֶען אִיהְר וָואס זֶענְט אַנְטְרוּנֶען פוּן דִיא גּוֹיִם, זַייא וֵויסֶען
נִיט דִיא וָואס טְרָאגֶען אַרוּם דָאס הָאלְץ פוּן זֵיירֶע גֶעצֶענְבִּילְדֶער אוּנְד בֶּעטֶען

21 אֵל־אֵל לֹא יוֹשִׁיעַ׃ הַגִּידוּ וְהַגִּישׁוּ אַף יִוָּעֲצוּ יַחְדָּו מִי
הִשְׁמִיעַ זֹאת מִקֶּדֶם מֵאָז הִגִּידָהּ הֲלוֹא אֲנִי יְהוָה וְאֵין
22 עוֹד אֱלֹהִים מִבַּלְעָדַי אֵל־צַדִּיק וּמוֹשִׁיעַ אַיִן זוּלָתִי׃ פְּנוּ־
23 אֵלַי וְהִוָּשְׁעוּ כָּל־אַפְסֵי־אָרֶץ כִּי אֲנִי־אֵל וְאֵין עוֹד׃ בִּי
נִשְׁבַּעְתִּי יָצָא מִפִּי צְדָקָה דָּבָר וְלֹא יָשׁוּב כִּי־לִי תִּכְרַע
24 כָּל־בֶּרֶךְ תִּשָּׁבַע כָּל־לָשׁוֹן׃ אַךְ בַּיהוָה לִי אָמַר צְדָקוֹת
כה וָעֹז עָדָיו יָבוֹא וְיֵבֹשׁוּ כֹּל הַנֶּחֱרִים בּוֹ׃ בַּיהוָה יִצְדְּקוּ
וְיִתְהַלְלוּ כָּל־זֶרַע יִשְׂרָאֵל׃

## מו

מו

א כָּרַע בֵּל קֹרֵס נְבוֹ הָיוּ עֲצַבֵּיהֶם לַחַיָּה וְלַבְּהֵמָה
2 נְשֻׂאֹתֵיכֶם עֲמוּסוֹת מַשָּׂא לַעֲיֵפָה׃ קָרְסוּ כָרְעוּ יַחְדָּו לֹא
3 יָכְלוּ מַלֵּט מַשָּׂא וְנַפְשָׁם בַּשְּׁבִי הָלָכָה׃ שִׁמְעוּ
אֵלַי בֵּית יַעֲקֹב וְכָל־שְׁאֵרִית בֵּית יִשְׂרָאֵל הָעֲמֻסִים מִנִּי־
4 בֶטֶן הַנְּשֻׂאִים מִנִּי־רָחַם׃ וְעַד־זִקְנָה אֲנִי הוּא וְעַד־שֵׂיבָה
אֲנִי אֶסְבֹּל אֲנִי עָשִׂיתִי וַאֲנִי אֶשָּׂא וַאֲנִי אֶסְבֹּל וַאֲמַלֵּט׃
ה 6 לְמִי תְדַמְּיוּנִי וְתַשְׁווּ וְתַמְשִׁלוּנִי וְנִדְמֶה׃ הַזָּלִים
זָהָב מִכִּיס וְכֶסֶף בַּקָּנֶה יִשְׁקֹלוּ יִשְׂכְּרוּ צוֹרֵף וְיַעֲשֵׂהוּ
7 אֵל יִסְגְּדוּ אַף־יִשְׁתַּחֲווּ׃ יִשָּׂאֻהוּ עַל־כָּתֵף יִסְבְּלֻהוּ וְיַנִּיחֻהוּ
תַחְתָּיו וְיַעֲמֹד מִמְּקוֹמוֹ לֹא יָמִישׁ אַף־יִצְעַק אֵלָיו וְלֹא
8 יַעֲנֶה מִצָּרָתוֹ לֹא יוֹשִׁיעֶנּוּ׃ זִכְרוּ־זֹאת וְהִתְאֹשָׁשׁוּ
9 הָשִׁיבוּ פוֹשְׁעִים עַל־לֵב׃ זִכְרוּ רִאשֹׁנוֹת מֵעוֹלָם כִּי אָנֹכִי
י אֵל וְאֵין עוֹד אֱלֹהִים וְאֶפֶס כָּמוֹנִי׃ מַגִּיד מֵרֵאשִׁית
אַחֲרִית וּמִקֶּדֶם אֲשֶׁר לֹא־נַעֲשׂוּ אֹמֵר עֲצָתִי תָקוּם וְכָל־
11 חֶפְצִי אֶעֱשֶׂה׃ קֹרֵא מִמִּזְרָח עַיִט מֵאֶרֶץ מֶרְחָק אִישׁ
עֲצָתוֹ אַף־דִּבַּרְתִּי אַף־אֲבִיאֶנָּה יָצַרְתִּי אַף־אֶעֱשֶׂנָּה׃
12 13 שִׁמְעוּ אֵלַי אַבִּירֵי לֵב הָרְחוֹקִים מִצְּדָקָה׃ קֵרַבְתִּי צִדְקָתִי
לֹא תִרְחָק וּתְשׁוּעָתִי לֹא תְאַחֵר וְנָתַתִּי בְצִיּוֹן תְּשׁוּעָה
לְיִשְׂרָאֵל תִּפְאַרְתִּי׃

צוּ אַ גָאט וָואס קֶען נִיט הֶעלְפֶען: 21 זָאגְט עֶס אָן, מַאךְ זֵייא גֶענֶעהֶנְט, לָאזֶען זֵייא זִיךְ אוֹיךְ מִיט אַנַאנְדֶער בֶּערָאטֶען, ווֶער הָאט דָאס דָאזִיגֶע גֶעמַאכְט הֶערֶען פוּן פְרִיהֶער אָן, ווֶער הָאט עֶס פוּן לַאנְג אַהֶער אָנְגֶע־זָאגְט, בִּין אִיךְ נִיט דֶער הַאר? אוּנְד חוּץ מִיר אִיז קֵיין גָאט נִיט דָא, אַ גֶערֶעכְטֶער גָאט, אוּנְד חוּץ מִיר אִיז קֵיין הֶעלְפֶער נִיט דָא: 22 קֶעהְרְט אֵייךְ צוּ מִיר, אוּנְד ווֶערְט גֶעהָאלְפֶען אַלֶע עֶקֶען פוּן דֶער עֶרְד, וָוארִין אִיךְ בִּין גָאט אוּנְד חוּץ מִיר אִיז קֵיינֶער נִיט מֶעהְר: 23 בַּייא מִיר הָאבּ אִיךְ גֶעשְׁוְואוֹי־רֶען, אַ וָוארְט אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען פוּן מֵיין מוֹיל אִין גֶערֶעכְטִיגְקֵייט, אוּנְד עֶס זָאל נִיט צוּרִיקְקֶעהְרֶען, אַז צוּ מִיר ווֶעט זִיךְ אִיטְלִי־כֶעם קְנִיא אַנִידֶער קְנִיעֶן, אוּנְד אִיטְלִיכֶע צוּנְג שְׁווֶערֶען: 24 בֶּאֱמֶת, ווֶעט מֶען זָאגֶען, אִין דֶעם הַאר הָאבּ אִיךְ גֶערֶעכְטִיגְקֵייט אוּנְד שְׁטַארְקֵייט, צוּ אִיהְם מוּז מֶען קוּמֶען, אוּנְד אַלֶע וָואס הָאבֶּען זִיךְ קֶעגֶען אִיהְם דֶערְ־צָארְנְט ווֶעלֶען זִיךְ מוּזֶען שֶׁעהְמֶען: 25 דוּרְךְ דֶעם הַאר ווֶעלֶען אַלֶע קִינְדֶער פוּן יִשְׂרָאֵל גֶערֶעכְט ווֶערֶען, אוּנְד זֵייא ווֶעלֶען זִיךְ אִין אִיהְם רִיהְמֶען:

## קאפיטעל מו

1 בֵּל הָאט זִיךְ אַנִידֶערְגֶעקְנִיעֶט, נְבוֹ קְרִימְט זִיךְ, זֵיירֶע אָפְּגֶעטֶער זֶענֶען (אַרוֹיפְגֶעלֶעגְט) אוֹיף חַיוֹת אוּנְד בְּהֵמוֹת, אֵיירֶע אוֹיפְלַאדוּנְג זֶענֶען אַ מַשָׂא פַאר אַ מִידֶע בְּהֵמָה: 2 זֵייא הָאבֶּען זִיךְ אֵיינְגֶעבּוֹיגֶען אוּנְד אַנִידֶערְגֶעקְנִיעֶט מִיט אַנַאנְדֶער, זֵייא הָאבֶּען נִיט גֶעקֶענְט אַנְטְרִינֶען ווֶעגֶען דֶער מַשָׂא, אוּנְד זֵייא זֶענֶען זֶעלְבֶּער אִין דִיא גֶעפַאנְגֶענְשַׁאפְט גֶעגַאנְגֶען: 3 הֶערְט מִיר צוּ, אִיהְר פוּן דֶעם הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן יַעֲקֹב, אוּנְד אַלֶע אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּענֶע פוּן יִשְׂרָאֵל, אִיהְר וָואס זֶענְט אוֹיף מִיר אָנְגֶעלַאדֶען פוּן מוּטֶערְ׳ס בּוֹיךְ אָן, אוּנְד וָואס אִיהְר זֶענְט גֶעטְרָאגֶען פוּן מוּטֶערְ׳ס שׁוֹיס אָן: 4 אוּנְד בִּיז אוֹיף דִיא עֶלְטֶער בִּין אִיךְ עֶס, אוּנְד בִּיז אוֹיף דִיא גְרֵייז־עֶלְטֶער הָאבּ אִיךְ עֶס גֶעטְהוּן, אוּנְד אִיךְ ווֶעל עֶס טְהוּן, אוּנְד אִיךְ ווֶעל (אֵייךְ) טְרָאגֶען אוּנְד מַאכֶען אַנְטְרִינֶען: 5 צוּ ווֶעמֶען ווִילְט אִיהְר מִיךְ פֶערְגְלֵייכֶען, אוּנְד מִיךְ גְלֵייךְ מַאכֶען, אוּנְד מִיר שְׁטֶעלֶען אַ גְלֵייכְנִיס אַז מִיר זָאלֶען גְלֵייךְ זַיין? 6 זֵייא שִׁיטֶען אוֹיס גֶעלְד אוֹיס דֶעם בֵּייטֶעל, אוּנְד ווֶעגֶען זִילְבֶּער אִין דִיא וָואגְשָׁאל, זֵייא דִינְגֶען אַ גָאלְדְשְׁמִיד, אוּנְד עֶר מַאכְט פַאר זֵייא אַ גָאט, זֵייא פַאלֶען דֶערְפַאר אַנִידֶער אוּנְד בִּיקֶען זִיךְ: 7 זֵייא הֶעבֶּען אִיהְם אוֹיף דִיא אַקְסֶעל אוּנְד טְרָאגֶען אִיהְם, אוּנְד לֶעגֶען אִיהְם אַנִידֶער אוֹיף זֵיין אָרְט אוּנְד עֶר בְּלֵייבְּט שְׁטֶעהְן, עֶר רִיהְרְט זִיךְ נִיט אַוֶועק פוּן זֵיין אָרְט, אוֹיךְ ווֶען מֶען שְׁרֵייעֶט צוּ אִיהְם אַזוֹי גֶעט עֶר קֵיינֶע אַנְטְוָוארְט, פוּן זֵיינֶע צָרָה קֶען עֶר נִיט הֶעלְפֶען: 8 גֶעדֶענְקְט דָאךְ דָאס אוּנְד שְׁטַארְקְט אֵייךְ, אִיהְר פוֹשְׁעִים נֶעמְט דָאךְ דָאס צוּם הַארְץ: 9 גֶעדֶענְקְט דָאךְ דִיא עֶרְשְׁטֶע זַאכֶען פוּן לַאנְג הֶער, וָוארִין אִיךְ בִּין גָאט, אוּנְד עֶס אִיז קֵיין אַנְדֶערֶער גָאט דָא, עֶס אִיז קֵיינֶער אַזוֹי ווִיא אִיךְ: 10 אִיךְ זָאג אָן פוּן אָנְפַאנְג וָואס דָאס עֶנְד ווֶעט זַיין, אוּנְד פוּן פְרִיהֶער זָאלְכֶעס וָואס אִיז נָאךְ נִיט גֶעמַאכְט, אִיךְ זָאג, מֵיינֶע עֵצָה זָאל בֶּעשְׁטֶעהְן, אוּנְד אִיךְ ווֶעל טְהוּן מֵיין גַאנְצֶעס פֶערְלַאנְגֶען: 11 אִיךְ רוּף אַ רוֹיבְּפוֹיגֶעל פוּן מִזְרַח־זַייט, פוּן ווֵייטֶען דֶעם מַאן פוּן מֵיינֶע עֵצָה, אַזוֹי ווִיא אִיךְ הָאבּ גֶערֶעט אַזוֹי ווֶעל אִיךְ עֶס אוֹיךְ בְּרֶענְגֶען, אִיךְ הָאבּ עֶס אוֹיסְגֶעטְרַאכְט אוּנְד אִיךְ ווֶעל עֶס אוֹיךְ טְהוּן: 12 הֶערְט מִיר צוּ, אִיהְר הַארְטֶע הֶערְצֶער, וָואס אִיהְר זֶענְט ווֵייט פוּן דֶער גֶערֶעכְטִיגְקֵייט: 13 אִיךְ הָאבּ גֶענֶעהֶנְט מֵיינֶע גֶערֶעכְטִיגְקֵייט, עֶס ווֶעט נִיט ווֵייט זַיין, אוּנְד מֵיינֶע הִילְף ווֶעט זִיךְ נִיט פֶערְזוֹימֶען, וָוארִין אִיךְ ווֶעל גֶעבֶּען אִין צִיוֹן אַ הִילְף פַאר יִשְׂרָאֵל מֵיינֶע שֶׁענְקֵייט:

מז

מז

רְדִי ׀ וּשְׁבִי עַל־עָפָר בְּתוּלַת בַּת־בָּבֶל שְׁבִי־לָאָרֶץ אֵין א
כִּסֵּא בַּת־כַּשְׂדִּים כִּי לֹא תוֹסִיפִי יִקְרְאוּ־לָךְ רַכָּה וַעֲנֻגָּה׃
קְחִי רֵחַיִם וְטַחֲנִי קָמַח גַּלִּי צַמָּתֵךְ חֶשְׂפִּי־שֹׁבֶל גַּלִּי־שׁוֹק 2
עִבְרִי נְהָרוֹת׃ תִּגָּל עֶרְוָתֵךְ גַּם תֵּרָאֶה חֶרְפָּתֵךְ נָקָם אֶקָּח 3
וְלֹא אֶפְגַּע אָדָם׃ גֹּאֲלֵנוּ יְהֹוָה צְבָאוֹת שְׁמוֹ קְדוֹשׁ 4
יִשְׂרָאֵל׃ שְׁבִי דוּמָם וּבֹאִי בַחֹשֶׁךְ בַּת־כַּשְׂדִּים כִּי לֹא ה
תוֹסִיפִי יִקְרְאוּ־לָךְ גְּבֶרֶת מַמְלָכוֹת׃ קָצַפְתִּי עַל־עַמִּי 6
חִלַּלְתִּי נַחֲלָתִי וָאֶתְּנֵם בְּיָדֵךְ לֹא־שַׂמְתְּ לָהֶם רַחֲמִים עַל־
זָקֵן הִכְבַּדְתְּ עֻלֵּךְ מְאֹד׃ וַתֹּאמְרִי לְעוֹלָם אֶהְיֶה גְבָרֶת 7
עַד לֹא־שַׂמְתְּ אֵלֶּה עַל־לִבֵּךְ לֹא זָכַרְתְּ אַחֲרִיתָהּ׃
וְעַתָּה שִׁמְעִי־זֹאת עֲדִינָה הַיּוֹשֶׁבֶת לָבֶטַח הָאֹמְרָה בִּלְבָבָהּ 8
אֲנִי וְאַפְסִי עוֹד לֹא אֵשֵׁב אַלְמָנָה וְלֹא אֵדַע שְׁכוֹל׃
וְתָבֹאנָה לָּךְ שְׁתֵּי־אֵלֶּה רֶגַע בְּיוֹם אֶחָד שְׁכוֹל וְאַלְמֹן 9
כְּתֻמָּם בָּאוּ עָלַיִךְ בְּרֹב כְּשָׁפַיִךְ בְּעָצְמַת חֲבָרַיִךְ מְאֹד׃
וַתִּבְטְחִי בְרָעָתֵךְ אָמַרְתְּ אֵין רֹאָנִי חָכְמָתֵךְ וְדַעְתֵּךְ הִיא י
שׁוֹבְבָתֶךְ וַתֹּאמְרִי בְלִבֵּךְ אֲנִי וְאַפְסִי עוֹד׃ וּבָא עָלַיִךְ 11
רָעָה לֹא תֵדְעִי שַׁחְרָהּ וְתִפֹּל עָלַיִךְ הֹוָה לֹא תוּכְלִי כַּפְּרָהּ
וְתָבֹא עָלַיִךְ פִּתְאֹם שֹׁאָה לֹא תֵדָעִי׃ עִמְדִי־נָא בַחֲבָרַיִךְ 12
וּבְרֹב כְּשָׁפַיִךְ בַּאֲשֶׁר יָגַעַתְּ מִנְּעוּרָיִךְ אוּלַי תּוּכְלִי הוֹעִיל
אוּלַי תַּעֲרוֹצִי׃ נִלְאֵית בְּרֹב עֲצָתָיִךְ יַעַמְדוּ־נָא וְיוֹשִׁיעֻךְ 13
הֹבְרוּ שָׁמַיִם הַחֹזִים בַּכּוֹכָבִים מוֹדִיעִים לֶחֳדָשִׁים מֵאֲשֶׁר
יָבֹאוּ עָלָיִךְ׃ הִנֵּה הָיוּ כְקַשׁ אֵשׁ שְׂרָפָתַם לֹא־יַצִּילוּ אֶת־ 14
נַפְשָׁם מִיַּד לֶהָבָה אֵין־גַּחֶלֶת לַחְמָם אוּר לָשֶׁבֶת נֶגְדּוֹ׃
כֵּן הָיוּ־לָךְ אֲשֶׁר יָגָעַתְּ סֹחֲרַיִךְ מִנְּעוּרַיִךְ אִישׁ לְעֶבְרוֹ טו
תָּעוּ אֵין מוֹשִׁיעֵךְ׃

## קאפיטעל מז

1 קום ארויף אונד זעץ דיך אויף דעם שטויב, דוא בתולה, טאכטער פון בבל, זעץ דיך אויף דער ערד, עס איז ניט דא קיין טראהן־שטוהל, א טאכטער פון דיא כשדים, וואָרין דוא וועסט ניט מעהר גערופען ווערען, ווייכע אונד דעלעקאטנע: 2 נעם א מיהל אונד מאהל מעהל, דעק אויף דיין שלייער, הייב אויף דיין קלייד, דעק אויף דיינע שענקעל, געה איבער דיא טייכען: 3 לאז דיינע שאנד אנטפלעקט ווערען, לאז אויך דיינע חרפה געזעהען ווערען, איך וועל מיך נוקם זיין אונד וועל ניט קוקען אויף א מענש: 4 אונזער דערלעזער, דער האר צבאות איז זיין נאמען, דער היילינער פון ישראל: 5 זיץ פערשטומט אונד קום אין דער פינסטערניס, דוא טאכטער פון דיא כשדים, וואָרין מען וועט דיך ניט מעהר רופען דיא הארענטע פון דיא קעניגרייכען: 6 איך האב געצארנט איבער מיין פאלק, איך האב פערשוועכט מיין נחלה אונד איך האב זייא געגעבען אין דיינע האנד, אבער דוא האסט איבער זייא קיין רחמנות ניט געהאט, אויף דעם אלטען האסט דוא דיין יאך זעהר שווער געמאכט: 7 אונד דוא האסט געזאגט, איך וועל אויף עביג זיין א הארענטע, אבער דוא האסט דאס דאזיגע ניט צו הארצען גענומען, אונד דוא האסט אויך ניט געדענקט דעם סוף דערפון: 8 אבער אצונד הער דאס דאזיגע, דוא פערגניגטע, וואס דוא וואוינסט אין זיכערהייט, וואס זאגט אין איהר הארץ איך בין עס אונד חוץ מיר איז קיינע אנדערע מעהר דא, איך וועל ניט בלייבען איינע אלמנה, אונד איך וועל ניט וויסען פון א פערוואַרפונג: 9 אבער דיא דאזיגע צוויא זאכען וועלען צו דיר קומען, אין א רגע אין איין טאג, קינדער פערלירען אונד אלמנה ווערען, זייא וועלען איבער דיר קומען גאנצערהייט, וועגען דיין פיל כישוף, אונד וועגען דיינע שטארקע צויבערייען: 10 אונד דוא האסט דיך פערלאזט אויף דיינע שלעכטיגקייט, דוא האסט געזאגט, — קיינער זעהט מיך, — דיינע חכמה אונד דיינע וויסענשאפט, דאס האט דיך פערפיהרט, אונד (דאך) האסט דוא געזאגט אין דיין הארץ איך בין עס, אונד חוץ מיר איז קיינער ניט מעהר דא: 11 אונד עס וועט איבער דיר קומען איין אונגליק אז דוא וועסט ניט וויסען פון וואנען עס איז אנגעקומען, אונד עס וועט אויף דיר פאלען א ברעכענים וואס דוא וועסט ניט קענען אוועקטהון, אונד א פערוויסטונג וועט איבער דיר פלוצלינג קומען וואס דוא וועסט ניט וויסען: 12 בלייב דאך שטעהן מיט דיינע צויבערייען, אונד דיין פיל כישוף מיט וואס דוא האסט דיך בעמיהט פון דיינע יוגענד אויף, טאמער וועסט דוא דיר קענען העלפען, טאמער וועסט דוא קענען בייקומען: 13 דוא ביזט מיד געוואָרען דורך דיא פילע בעלי עצות, לאזען זייא זיך נאר אנידערשטעלען אונד דיר העלפען דיא וואס קוקען אין הימעל, וואס זעהען אן דיא שטערען, אונד וואס מאכען פריהער בעקאנט צו דיא חדשים פון דעם וואס וועט איבער דיר קומען: 14 זעה, זייא זענען געוואָרען וויא שטרוי, דאס פייער וועט זייא פערברענען, זייא וועלען ניט קענען זייער לעבען מציל זיין פון דער פלאם, עס וועט ניט דא זיין קיין קויל זיך דערמיט צו וואַרמען, אונד קיין ליכט אז מען זאל קענען דערבייא זיצען: 15 אזוי וועלען זייא צו דיר זיין, דיא מיט וועלכע דוא האסט דיך בעמיהט — דיינע סוחרים פון דיינע יוגענד אן, איטליכער פון זייא איז פערירט געוואָרען, קיינער זאל דיר ניט העלפען:

מח מח

א שִׁמְעוּ־זֹאת בֵּית־יַעֲקֹב הַנִּקְרָאִים בְּשֵׁם יִשְׂרָאֵל וּמִמֵּי
יְהוּדָה יָצָאוּ הַנִּשְׁבָּעִים ׀ בְּשֵׁם יְהוָֹה וּבֵאלֹהֵי יִשְׂרָאֵל
2 יַזְכִּירוּ לֹא בֶאֱמֶת וְלֹא בִצְדָקָה׃ כִּי־מֵעִיר הַקֹּדֶשׁ נִקְרָאוּ
וְעַל־אֱלֹהֵי יִשְׂרָאֵל נִסְמָכוּ יְהוָֹה צְבָאוֹת שְׁמוֹ׃
3 הָרִאשֹׁנוֹת מֵאָז הִגַּדְתִּי וּמִפִּי יָצְאוּ וְאַשְׁמִיעֵם פִּתְאֹם
4 עָשִׂיתִי וַתָּבֹאנָה׃ מִדַּעְתִּי כִּי קָשֶׁה אָתָּה וְגִיד בַּרְזֶל עָרְפֶּךָ
ה וּמִצְחֲךָ נְחוּשָׁה׃ וָאַגִּיד לְךָ מֵאָז בְּטֶרֶם תָּבוֹא הִשְׁמַעְתִּיךָ
6 פֶּן־תֹּאמַר עָצְבִּי עָשָׂם וּפִסְלִי וְנִסְכִּי צִוָּם׃ שָׁמַעְתָּ חֲזֵה
כֻּלָּהּ וְאַתֶּם הֲלוֹא תַגִּידוּ הִשְׁמַעְתִּיךָ חֲדָשׁוֹת מֵעַתָּה וּנְצֻרוֹת
7 וְלֹא יְדַעְתָּם׃ עַתָּה נִבְרְאוּ וְלֹא מֵאָז וְלִפְנֵי־יוֹם וְלֹא שְׁמַעְתָּם
8 פֶּן־תֹּאמַר הִנֵּה יְדַעְתִּין׃ גַּם לֹא־שָׁמַעְתָּ גַּם לֹא יָדַעְתָּ גַּם
מֵאָז לֹא־פִתְּחָה אָזְנֶךָ כִּי יָדַעְתִּי בָּגוֹד תִּבְגּוֹד וּפֹשֵׁעַ מִבֶּטֶן
9 קֹרָא לָךְ׃ לְמַעַן שְׁמִי אַאֲרִיךְ אַפִּי וּתְהִלָּתִי אֶחֱטָם־לָךְ
י לְבִלְתִּי הַכְרִיתֶךָ׃ הִנֵּה צְרַפְתִּיךָ וְלֹא בְכָסֶף בְּחַרְתִּיךָ
11 בְּכוּר עֹנִי׃ לְמַעֲנִי לְמַעֲנִי אֶעֱשֶׂה כִּי־אֵיךְ יֵחָל וּכְבוֹדִי לְאַחֵר
12 לֹא־אֶתֵּן׃ שְׁמַע אֵלַי יַעֲקֹב וְיִשְׂרָאֵל מְקֹרָאִי אֲנִי־הוּא
13 אֲנִי רִאשׁוֹן אַף אֲנִי אַחֲרוֹן׃ אַף־יָדִי יָסְדָה אֶרֶץ וִימִינִי
14 טִפְּחָה שָׁמָיִם קֹרֵא אֲנִי אֲלֵיהֶם יַעַמְדוּ יַחְדָּו׃ הִקָּבְצוּ כֻלְּכֶם
וּשְׁמָעוּ מִי בָהֶם הִגִּיד אֶת־אֵלֶּה יְהוָֹה אֲהֵבוֹ יַעֲשֶׂה חֶפְצוֹ
טו בְּבָבֶל וּזְרֹעוֹ כַּשְׂדִּים׃ אֲנִי אֲנִי דִּבַּרְתִּי אַף־קְרָאתִיו הֲבִאֹתִיו
16 וְהִצְלִיחַ דַּרְכּוֹ׃ קִרְבוּ אֵלַי שִׁמְעוּ־זֹאת לֹא מֵרֹאשׁ בַּסֵּתֶר
דִּבַּרְתִּי מֵעֵת הֱיוֹתָהּ שָׁם אָנִי וְעַתָּה אֲדֹנָי יְהוִֹה שְׁלָחַנִי
17 וְרוּחוֹ׃ כֹּה־אָמַר יְהוָֹה גֹּאַלְךָ קְדוֹשׁ יִשְׂרָאֵל אֲנִי יְהוָֹה
18 אֱלֹהֶיךָ מְלַמֶּדְךָ לְהוֹעִיל מַדְרִיכֲךָ בְּדֶרֶךְ תֵּלֵךְ׃ לוּא
הִקְשַׁבְתָּ לְמִצְוֹתָי וַיְהִי כַנָּהָר שְׁלוֹמֶךָ וְצִדְקָתְךָ כְּגַלֵּי הַיָּם׃
19 וַיְהִי כַחוֹל זַרְעֶךָ וְצֶאֱצָאֵי מֵעֶיךָ כִּמְעֹתָיו לֹא־יִכָּרֵת וְלֹא־

## קאפיטעל מח

1 הערט דאס דאזיגע, איהר הויזגעזינד פון יַעֲקֹב, וואס איהר זענט אָנגערופען בייא דעם נאמען יִשְׂרָאֵל, אונד דיא וואס זענען ארויסגעקומען פון דיא וואסערן פון יְהוּדָה, וואס שווערען בייא דעם נאמען פון דעם האר, אונד זייא דערמאנען דעם גאט פון יִשְׂרָאֵל אָבער ניט מיט אֱמֶת אונד ניט מיט גערעכטיגקייט: 2 וואָרין זייא רופען זיך אָן פון דער היילינגער שטאט, אונד זייא לעהנען זיך אָן אויף דעם גאט פון יִשְׂרָאֵל, יְהוָֹה צְבָאוֹת איז זיין נאמען: 3 דיא ערשטע זאכען האָב איך שוין פון לאנג אָנגעזאגט אונד זייא זענען ארויסגעקומען אוים מיין מויל, אונד איך האָב זייא געמאכט הערען, איך האָב עס פּלוצלינג געטהון, אונד זייא זענען אָנגעקומען: 4 ווייל איך ווייס אז דו ביזט הארט, אונד דיין נאקען איז וויא אייזערנע אָדער אונד דיין שטערן וויא קופער: 5 אזוי האָב איך עס דיר פון לאנג אהער געלאזט אָנזאגען, איידער עס קומט אָן האָב איך עס דיך געמאכט הערען, כְּדֵי דו זאלסט ניט זאגען אז מיין אָפּגאט האט דאס געמאכט, אונד מיין געגאסענעס אונד געשניצטעס בילד האט זייא בעפוילען: 6 דו האסט עס געהערט, זעה דאך דאס אלעס, אָבער איהר האט עס ניט געוואלט דערצעלען, איך האָב דיך פון אצונד אָן געמאכט הערען נייעס אונד פערבארגענע זאכען וואס איהר האט ניט געוואוסט: 7 אצונד זענען זייא בעשאפען געוואָרען אָבער ניט פון לאנג אָן אונד פון פאר דעם טאג, אונד איהר האט עס נאך ניט געהערט, אז דו זאלסט ניט זאגען, זעה מיר וויסען עס: 8 דו האסט אויך ניט געהערט אונד דו האסט עס ניט געוואוסט, אויך איז דיין אויער ניט פון דאמאלס אָן אויפגעמאכט געוועזען, וואָרין איך ווייס אז דו וועסט געוויס פעלשען, דען דו ביזט אָנגערופען אַ פּוֹשֵׁעַ פון דיין מוטער'ס בויך אָן: 9 וועגען מיין נאמען'ס ווילען וועל איך אויפהאלטען מיין צארן, אונד וועגען מיין לויב האלט איך מיך איין קעגען דיר, כְּדֵי איך זאל דיך ניט פערשניידען: 10 זעה איך האָב דיך געלייטערט אָבער ניט וויא זילבער, איך האָב דיך אויסדערוועלט אין איין טעסט פון ארעמקייט: 11 פון מיינעטוועגען—יא פון מיינעטוועגען וועל איך עס טהון, וואָרין וויא זאל מען (מיין נאמען) מְחַלֵּל זיין? אונד מיין כָּבוֹד וויל איך ניט צו קיין אנדערן געבען: 12 הער מיך צו אַ יַעֲקֹב, אונד יִשְׂרָאֵל מיין בערופענער, איך בין עס, איך בין דער ערשטער אונד אויך דער לעצטער: 13 מיינע האנד האט אויך געגרינדעט דיא ערד, אונד מיינע רעכטע האנד האט אויסגעבריים דעם הימעל, ווען איך האָב זייא גערופען אזוי האבען זייא זיך צוזאמען אנידערגעשטעלט: 14 זאמעלט אייך אלע איין אונד הערט עס, ווער פון זייא האט דאס דאזיגע אָנגעזאגט? (דעם וואס) דער האר האט געליבט, וועט טהון זיין ווילען אין בָּבֶל, אונד זיין ארעם (וועט זיין) אן כַּשְׂדִּים: 15 איך—יא איך האָב גערעט, איך האָב איהם אויך גערופען, איך האָב איהם אהער געבראכט, אונד ער וועט זיין וועג בעגליקען: 16 גענעהנט אהער צו מיר אונד הערט דאס דאזיגע, איך האָב עס ניט פון אָנפאנג אים פערבארגענעם גערעט, פון דער צייט אָן ווען עס איז געוועזען, בין איך דארטען, אונד אצונד האט מיך דער האר גאט, אונד זיין רוּחַ הַקּוֹדֶשׁ געשיקט: 17 אזוי זאגט דער האר, דיין אויסלעזער, דער היילינגער פון יִשְׂרָאֵל, איך בין דער האר דיין גאט וואס לערנט דיך ניצליך צו זיין, וואס פיהרט דיך אויף דעם וועג וואס דו זאלסט געהן: 18 הַלְוַאי העסט דו געהארכט צו מיינע מִצְוֹת! אזוי וואלט דיין שָׁלוֹם געוועזען וויא אַ טייך, אונד דיינע גערעכטיגקייט וויא דיא אינדען פון דעם יַם: 19 אונד דיין זאמען וואלט געוועזען אזוי פיל וויא זאמד, אונד (דיא קינדער) וואס קומען ארויס פון דיינע געדערם, אזוי וויא זאמד קערנלעך, זיין נאמען זאל ניט

פערשניטען

כ יִשָּׁמֵד שְׁמוֹ מִלְּפָנָי׃ צְאוּ מִבָּבֶל בִּרְחוּ מִכַּשְׂדִּים
בְּקוֹל רִנָּה הַגִּידוּ הַשְׁמִיעוּ זֹאת הוֹצִיאוּהָ עַד־קְצֵה הָאָרֶץ
21 אִמְרוּ גָּאַל יְהוָה עַבְדּוֹ יַעֲקֹב׃ וְלֹא צָמְאוּ בָּחֳרָבוֹת הוֹלִיכָם
22 מַיִם מִצּוּר הִזִּיל לָמוֹ וַיִּבְקַע־צוּר וַיָּזֻבוּ מָיִם׃ אֵין שָׁלוֹם
אָמַר יְהוָה לָרְשָׁעִים׃

## מט

א שִׁמְעוּ אִיִּים אֵלַי וְהַקְשִׁיבוּ לְאֻמִּים מֵרָחוֹק יְהוָה מִבֶּטֶן
2 קְרָאָנִי מִמְּעֵי אִמִּי הִזְכִּיר שְׁמִי׃ וַיָּשֶׂם פִּי כְּחֶרֶב חַדָּה
בְּצֵל יָדוֹ הֶחְבִּיאָנִי וַיְשִׂימֵנִי לְחֵץ בָּרוּר בְּאַשְׁפָּתוֹ הִסְתִּירָנִי׃
3 4 וַיֹּאמֶר לִי עַבְדִּי־אָתָּה יִשְׂרָאֵל אֲשֶׁר־בְּךָ אֶתְפָּאָר׃ וַאֲנִי
אָמַרְתִּי לְרִיק יָגַעְתִּי לְתֹהוּ וְהֶבֶל כֹּחִי כִלֵּיתִי אָכֵן מִשְׁפָּטִי
ה אֶת־יְהוָה וּפְעֻלָּתִי אֶת־אֱלֹהָי׃ וְעַתָּה ׀ אָמַר יְהוָה
יֹצְרִי מִבֶּטֶן לְעֶבֶד לוֹ לְשׁוֹבֵב יַעֲקֹב אֵלָיו וְיִשְׂרָאֵל לֹא
6 יֵאָסֵף וְאֶכָּבֵד בְּעֵינֵי יְהוָה וֵאלֹהַי הָיָה עֻזִּי׃ וַיֹּאמֶר נָקֵל
מִהְיוֹתְךָ לִי עֶבֶד לְהָקִים אֶת־שִׁבְטֵי יַעֲקֹב וּנְצִירֵי יִשְׂרָאֵל
לְהָשִׁיב וּנְתַתִּיךָ לְאוֹר גּוֹיִם לִהְיוֹת יְשׁוּעָתִי עַד־קְצֵה
7 הָאָרֶץ׃ כֹּה אָמַר־יְהוָה גֹּאֵל יִשְׂרָאֵל קְדוֹשׁוֹ לִבְזֹה־
נֶפֶשׁ לִמְתָעֵב גּוֹי לְעֶבֶד מֹשְׁלִים מְלָכִים יִרְאוּ וָקָמוּ שָׂרִים
וְיִשְׁתַּחֲווּ לְמַעַן יְהוָה אֲשֶׁר נֶאֱמָן קְדֹשׁ יִשְׂרָאֵל וַיִּבְחָרֶךָּ׃
8 כֹּה ׀ אָמַר יְהוָה בְּעֵת רָצוֹן עֲנִיתִיךָ וּבְיוֹם יְשׁוּעָה
עֲזַרְתִּיךָ וְאֶצָּרְךָ וְאֶתֶּנְךָ לִבְרִית עָם לְהָקִים אֶרֶץ לְהַנְחִיל
9 נְחָלוֹת שֹׁמֵמוֹת׃ לֵאמֹר לַאֲסוּרִים צֵאוּ לַאֲשֶׁר בַּחֹשֶׁךְ
י הִגָּלוּ עַל־דְּרָכִים יִרְעוּ וּבְכָל־שְׁפָיִים מַרְעִיתָם׃ לֹא יִרְעָבוּ
וְלֹא יִצְמָאוּ וְלֹא־יַכֵּם שָׁרָב וָשָׁמֶשׁ כִּי־מְרַחֲמָם יְנַהֲגֵם
11 וְעַל־מַבּוּעֵי מַיִם יְנַהֲלֵם׃ וְשַׂמְתִּי כָל־הָרַי לַדָּרֶךְ וּמְסִלֹּתַי
12 יְרֻמוּן׃ הִנֵּה־אֵלֶּה מֵרָחוֹק יָבֹאוּ וְהִנֵּה־אֵלֶּה מִצָּפוֹן וּמִיָּם
13 וְאֵלֶּה מֵאֶרֶץ סִינִים׃ רָנּוּ שָׁמַיִם וְגִילִי אֶרֶץ יִפְצְחוּ הָרִים

פערשניטען אונד ניט פערטילגט ווערען
פון פאר מיר: 20 געהט ארויס אויס בבל,
אנטלויפט פון דיא כשדים מיט א קול פון
געזאנג, זאגט עס אן, אונד מאכט דאס
דאזיגע הערען, מאכט עס בעקאנט ביז
צו דעם עק וועלט, זאגט אז דער האר
האט אויסגעלעזט זיין קנעכט יעקב:
21 אונד זייא זענען ניט דארשטיג גע־
וועזען ווען ער האט זייא געפיהרט דורך
דיא וויסטענייא, ער האט געמאכט דאס
וואסער זאל צו זייא רינען פון א פעלזען,
ער האט געשפאלטען דעם פעלזען אונד
דאס וואסער האט גערינען: 22 דער
האר האט געזאגט, עס איז ניט קיין
שלום צו דיא רשעים:

## קאפיטעל מט

1 הערט מיר צו, איהר אינזעלן, אונד
פערנעמט עס איהר פעלקער פון ווייטען,
דער האר האט מיך גערופען פון דעם
בויך, פון מיינע מוטער׳ס געדערם אן האט
ער דערמאנט מיין נאמען: 2 אונד ער האט
געמאכט מיין מויל וויא א שארפעס שווערד
ער האט מיך בעהאלטען אין דעם שאטען
פון זיינע האנד, אונד ער האט מיך געמאכט
צו א בלאנקען פייל, אין זיינע פייל־שייד האט ער מיך פערבארגען: 3 אונד ער האט צו
מיר געזאגט, דוא ביזט מיין קנעכט א ישראל, אין דיר וויל איך פערהערליכט ווערען:
4 אונד איך האב געזאגט, איך האב מיך אומזוסט בעמיהט, אונד פאר גארניט האב
איך מיין כח פערלענט, באמת מיין משפט איז מיט דעם האר, אונד מיין ווערק מיט
מיין גאט: 5 אבער אצונד האט דער האר געזאגט, דער וואס האט מיך בעשאפען פון
מיין מוטער׳ס בויך צו זיין צו איהם א קנעכט כדי יעקב צו איהם אומצוקעהרען אונד
ישראל זאל צו איהם איינגעזאמעלט ווערען, אונד איך וועל געעהרט ווערען אין דיא
אויגען פון דעם האר, אונד מיין גאט וועט זיין מיינע שטארקהייט: 6 אונד ער האט
געזאגט, עס איז א גרינגע זאך אז דוא זאלסט זיין מיין קנעכט, אויפצושטעלען דיא
שבטים פון יעקב אונד דיא געהיטע (פון גלות) ישראל צוריקצוברענגען, איך וועל
דיך אויך געבען פאר א ליכט צו דיא גוים, אז דוא זאלסט זיין מיינע הילף ביז צו דעם
עק פון דער וועלט: 7 אזוי זאגט דער האר, דער אויסלעזער פון ישראל, זיין הייליג־
גער, צו דעם וואס איז פעראכטעט אין זיין נפש, וואס ווערט אומווירדיג געהאלטען
פון דעם פאלק, צו א קנעכט פון געוועלטיגער, מלכים וועלען עס זעהען אונד זייא
וועלען אויפשטעהען, הארען וועלען זיך ביקען, פון וועגען דעם האר וואס איז בעגלייבט
אונד פון וועגען דעם הייליגען פון ישראל, אונד ער וועט דיך אויסדערוועלען: 8 אזוי
זאגט דער האר, אין א בעוויליגטע צייט האב איך דיך דערהערט, אונד אין דעם טאג
ישועה טהוא איך דיר העלפען, אונד איך וועל דיך היטען, אונד איך וועל דיך געבען
פאר א ברית צו דעם פאלק, אז דוא זאלסט אויפריכטען דאס לאנד, אז דוא זאלסט
זייא מאכען ירש׳נען דיא וויסטע נחלות: 9 צו זאגען צו דיא געבונדענע געהט ארויס,
צו דיא וואס זענען אין דער פינסטערניס ווערט אנטפלעקט, אויף דיא וועגען וועלען
זייא זיך פאשען, אונד אויף אלע הויכע ערטער וועט זיין זייערע פאשע: 10 זייא
וועלען ניט הונגערן אונד זייא וועלען ניט דארשטען, אונד דיא היץ אונד דיא זון וועט זייא
ניט שלאגען, וואריין זייער דערבארמער וועט זייא פיהרען, אונד בייא דיא קוואל וואסערן
וועט ער זייא פיהרען: 11 אונד איך וועל מאכען אלע מיינע בערג צו א וועג, אונד מיינע
שטעגען וועלען דערהייכט ווערען: 12 זעה, דיזע וועלען קומען פון ווייטען, אונד זעה,
יענע פון צפון־זייט אונד פון מערב־זייט, אונד יענע פון דעם לאנד סינים: 13 זינגט איהר

רִנָּה כִּי־נִחַם יְהוָה עַמּוֹ וַעֲנִיָּו יְרַחֵם׃ ‏14 וַתֹּאמֶר צִיּוֹן
טו עֲזָבַנִי יְהוָה וַאדֹנָי שְׁכֵחָנִי׃ הֲתִשְׁכַּח אִשָּׁה עוּלָהּ מֵרַחֵם
16 בֶּן־בִּטְנָהּ גַּם־אֵלֶּה תִשְׁכַּחְנָה וְאָנֹכִי לֹא אֶשְׁכָּחֵךְ׃ הֵן עַל־
17 כַּפַּיִם חַקֹּתִיךְ חוֹמֹתַיִךְ נֶגְדִּי תָּמִיד׃ מִהֲרוּ בָּנָיִךְ מְהָרְסַיִךְ
18 וּמַחֲרִבַיִךְ מִמֵּךְ יֵצֵאוּ׃ שְׂאִי־סָבִיב עֵינַיִךְ וּרְאִי כֻּלָּם
נִקְבְּצוּ בָאוּ־לָךְ חַי־אָנִי נְאֻם־יְהוָה כִּי כֻלָּם כַּעֲדִי תִלְבָּשִׁי
19 וּתְקַשְּׁרִים כַּכַּלָּה׃ כִּי חָרְבֹתַיִךְ וְשֹׁמְמֹתַיִךְ וְאֶרֶץ הֲרִסֻתֵךְ
כ כִּי עַתָּה תֵּצְרִי מִיּוֹשֵׁב וְרָחֲקוּ מְבַלְּעָיִךְ׃ עוֹד יֹאמְרוּ בְאָזְנַיִךְ
21 בְּנֵי שִׁכֻּלָיִךְ צַר־לִי הַמָּקוֹם גְּשָׁה־לִּי וְאֵשֵׁבָה׃ וְאָמַרְתְּ
בִּלְבָבֵךְ מִי יָלַד־לִי אֶת־אֵלֶּה וַאֲנִי שְׁכוּלָה וְגַלְמוּדָה גֹּלָה ׀
וְסוּרָה וְאֵלֶּה מִי גִדֵּל הֵן אֲנִי נִשְׁאַרְתִּי לְבַדִּי אֵלֶּה אֵיפֹה
22 הֵם׃ כֹּה־אָמַר אֲדֹנָי יְהוִה הִנֵּה אֶשָּׂא אֶל־גּוֹיִם יָדִי
וְאֶל־עַמִּים אָרִים נִסִּי וְהֵבִיאוּ בָנַיִךְ בְּחֹצֶן וּבְנֹתַיִךְ עַל־כָּתֵף
23 תִּנָּשֶׂאנָה׃ וְהָיוּ מְלָכִים אֹמְנַיִךְ וְשָׂרוֹתֵיהֶם מֵינִיקֹתַיִךְ אַפַּיִם
אֶרֶץ יִשְׁתַּחֲווּ־לָךְ וַעֲפַר רַגְלַיִךְ יְלַחֵכוּ וְיָדַעַתְּ כִּי־אֲנִי יְהוָה
24 אֲשֶׁר לֹא־יֵבֹשׁוּ קֹוָי׃ הֲיֻקַּח מִגִּבּוֹר מַלְקוֹחַ וְאִם־שְׁבִי
כה צַדִּיק יִמָּלֵט׃ כִּי־כֹה ׀ אָמַר יְהוָה גַּם־שְׁבִי גִבּוֹר יֻקָּח
וּמַלְקוֹחַ עָרִיץ יִמָּלֵט וְאֶת־יְרִיבֵךְ אָנֹכִי אָרִיב וְאֶת־בָּנַיִךְ
26 אָנֹכִי אוֹשִׁיעַ׃ וְהַאֲכַלְתִּי אֶת־מוֹנַיִךְ אֶת־בְּשָׂרָם וְכֶעָסִיס
דָּמָם יִשְׁכָּרוּן וְיָדְעוּ כָל־בָּשָׂר כִּי אֲנִי יְהוָה מוֹשִׁיעֵךְ וְגֹאֲלֵךְ
אֲבִיר יַעֲקֹב׃

נ נ

א כֹּה ׀ אָמַר יְהוָה אֵי זֶה סֵפֶר כְּרִיתוּת אִמְּכֶם אֲשֶׁר שִׁלַּחְתִּיהָ
אוֹ מִי מִנּוֹשַׁי אֲשֶׁר־מָכַרְתִּי אֶתְכֶם לוֹ הֵן בַּעֲוֹנֹתֵיכֶם
2 נִמְכַּרְתֶּם וּבְפִשְׁעֵיכֶם שֻׁלְּחָה אִמְּכֶם׃ מַדּוּעַ בָּאתִי וְאֵין
אִישׁ קָרָאתִי וְאֵין עוֹנֶה הֲקָצוֹר קָצְרָה יָדִי מִפְּדוּת וְאִם־
אֵין־בִּי כֹחַ לְהַצִּיל הֵן בְּגַעֲרָתִי אַחֲרִיב יָם אָשִׂים נְהָרוֹת

הימעל אונד פרייא דיך א ערד, לאזען דיא בערג אויסברעכען מיט א געזאנג, וואָרין דער האר האָט געטרייסט זיין פאָלק, אונד איבער זיינע אָרעמע טהוט ער זיך מרחם זיין: 14 אָבער ציון האָט געזאָגט, דער האר האָט מיך פערלאָזט, אונד מיין האר האָט מיך פערגעסען: 15 קען דען א פרויא פערגעסען איהר יונג קינד, אז זיא זאל זיך ניט דערבארמען איבער דעם זוהן פון איהר בויך? ווען דיא דאזיגע וועט אפילו פער־געסען, אזוי וועל איך דיך ניט פערגעסען: 16 זעה, איך האָב דיך אויסגעקריצט אויף מיינע הענד, דיינע מויערן זענען תמיד פאָר מיר: 17 דיינע קינדער איילען זיך, דיינע צושטערערס אונד דיא וואָס פער־וויסטען דיך וועלען פון דיר ארויסגעהן: 18 העב אויף דיינע אויגען ארינגם ארום אונד זעה, אלע פערזאמעלן זיך אונד קומען צו דיר, אזוי וויא איך לעב זאָגט דער האר, דוא וועסט דיך געוויס אנקליידען מיט אלע וויא מיט א צירונג, אונד זייא אָנבינדען אזוי וויא א כלה טהוט: 19 וואָרין דיינע חרבות אונד דיינע וויסטע ערטער, אונד דיין צושטערטעס לאנד וועט אצונד צו ענג זיין וועגען דיא בעוואוינער, אונד דיינע פערשלינגער וועלען זיך דערווייטערן: 20 דיינע פערלוירענע קינדער וועלען נאכזאָגען אין דיינע אויערן, דער אָרט איז פאר מיר צו ענג, ריק דיך אַוועק אז איך זאָל קענען וואוינען: 21 אונד דוא וועסט זאָגען אין דיין הארץ, ווער האָט מיר דיא דאזיגע געוואונען? וואָרין איך בין דאך געוועזען קינדער־לויז אונד אליין, פערטריבען אונד אַוועקגעקעהרט, אָבער ווער האָט דיא דאזיגע אויפגעצויגען? זעה, איך בין אליין איבערגעבליבען, אַוואו זענען דיא דאזיגע געוועזען? 22 אזוי זאָגט דער האר גאָט, זעה איך וועל אויפהעבען מיינע האנד צו דיא גוים, אונד צו דיא פעלקער וועל איך אויפהעבען מיין פאָהן, אונד זייא וועלען ברענגען דיינע זיהן אין זיירע אָרעמס אונד דיינע טעכטער וועלען זייא טראָגען אויף זיירע אקסעלן: 23 אונד מלכים וועלען זיין דיינע ערציהערס, אונד זיירע פרינצעסינס וועלען זיין זיירע אַנזייגערס, מיט זייער פנים וועלען זייא זיך ביקען ביז צו דער ערד, אונד זייא וועלען לעקען דעם שטויב פון דיינע פיס אונד דוא וועסט וויסען אז איך בין דער האר אונד דאס דיא וואס האָפען אויף מיר וועלען ניט פערשעמט ווערען: 24 קען דען פון דעם שטאר־קען דער רויב אַוועקגענומען ווערען? אָדער קען מען דאס געפאנגענע פון דעם גערעכטען מציל זיין? 25 וואָרין אזוי זאָגט דער האר, יא, דאס געפאנגענע פון דעם שטארקען זאָל אַוועקגענומען ווערען, אונד דאס גערויבטע פון דעם שטארקען זאָל ניצול ווערען, אונד איך וועל מיך קריגען מיט דיינע קריגערס, אונד איך וועל דיינע קינדער העלפען: 26 אונד איך וועל מאכען אז דיינע פיינדערס זאָלען עסען זייער אייגען פלייש, אונד זייא וועלען זיך אנשכורן מיט זייער בלוט, אונד אלע מענשען וועלען וויסען אז איך בין דער האר, דיין העלפער, אונד דיין ערלעזער, דער שטארקער (גאָט) פון יעקב:

קאפיטעל נ

1 אזוי זאָגט דער האר, וואו איז דער גט פון דיינע מוטער וואס איך האָב זיא אַוועקגע־שיקט? אָדער ווער זענען מיינע ענטלייערס צו וועלכע איך האָב איך פערקויפט? זעהט איהר זענט וועגען אייערע זינד פערקויפט געוואָרען, אונד וועגען אייערע פשעים איז אייערע מוטער אַוועקגעשיקט געוואָרען: 2 פאַרוואָס ווען איך בין געקומען איז קיין מענש ניט דאָ געוועזען? ווען איך האָב גערופען אונד קיינער האָט געענטפערט? איז דען מיינע האנד צו קורץ אז זיא קען ניט אויסלעזען, אָדער האָב איך דען ניט קיין כח מציל צו זיין? זעה, מיט מיין געשרייא האָב איך דאס ים אויסגעטרוקענט, איך האָב געמאכט דיא טייכען צו א מדבר

בָּנַיִךְ מֵרָחוֹק יָבֹאוּ וּבְנֹתַיִךְ עַל־צַד תֵּאָמַנָה׃ אָז תִּרְאִי ה
וְנָהַרְתְּ וּפָחַד וְרָחַב לְבָבֵךְ כִּי־יֵהָפֵךְ עָלַיִךְ הֲמוֹן יָם חֵיל
גּוֹיִם יָבֹאוּ לָךְ׃ שִׁפְעַת גְּמַלִּים תְּכַסֵּךְ בִּכְרֵי מִדְיָן וְעֵיפָה 6
כֻּלָּם מִשְּׁבָא יָבֹאוּ זָהָב וּלְבוֹנָה יִשָּׂאוּ וּתְהִלֹּת יְהוָה
יְבַשֵּׂרוּ׃ כָּל־צֹאן קֵדָר יִקָּבְצוּ לָךְ אֵילֵי נְבָיוֹת יְשָׁרְתוּנֶךְ 7
יַעֲלוּ עַל־רָצוֹן מִזְבְּחִי וּבֵית תִּפְאַרְתִּי אֲפָאֵר׃ מִי־אֵלֶּה 8
כָּעָב תְּעוּפֶינָה וְכַיּוֹנִים אֶל־אֲרֻבֹּתֵיהֶם׃ כִּי־לִי ׀ אִיִּים יְקַוּוּ 9
וָאֳנִיּוֹת תַּרְשִׁישׁ בָּרִאשֹׁנָה לְהָבִיא בָנַיִךְ מֵרָחוֹק כַּסְפָּם
וּזְהָבָם אִתָּם לְשֵׁם יְהוָה אֱלֹהַיִךְ וְלִקְדוֹשׁ יִשְׂרָאֵל כִּי
פֵאֲרָךְ׃ וּבָנוּ בְנֵי־נֵכָר חֹמֹתַיִךְ וּמַלְכֵיהֶם יְשָׁרְתוּנֶךְ כִּי י
בְקִצְפִּי הִכִּיתִיךְ וּבִרְצוֹנִי רִחַמְתִּיךְ׃ וּפִתְּחוּ שְׁעָרַיִךְ תָּמִיד 11
יוֹמָם וָלַיְלָה לֹא יִסָּגֵרוּ לְהָבִיא אֵלַיִךְ חֵיל גּוֹיִם וּמַלְכֵיהֶם
נְהוּגִים׃ כִּי־הַגּוֹי וְהַמַּמְלָכָה אֲשֶׁר לֹא־יַעַבְדוּךְ יֹאבֵדוּ 12
וְהַגּוֹיִם חָרֹב יֶחֱרָבוּ׃ כְּבוֹד הַלְּבָנוֹן אֵלַיִךְ יָבוֹא בְּרוֹשׁ 13
תִּדְהָר וּתְאַשּׁוּר יַחְדָּו לְפָאֵר מְקוֹם מִקְדָּשִׁי וּמְקוֹם רַגְלַי
אֲכַבֵּד׃ וְהָלְכוּ אֵלַיִךְ שְׁחוֹחַ בְּנֵי מְעַנַּיִךְ וְהִשְׁתַּחֲווּ עַל־ 14
כַּפּוֹת רַגְלַיִךְ כָּל־מְנַאֲצָיִךְ וְקָרְאוּ לָךְ עִיר יְהוָה צִיּוֹן קְדוֹשׁ
יִשְׂרָאֵל׃ תַּחַת הֱיוֹתֵךְ עֲזוּבָה וּשְׂנוּאָה וְאֵין עוֹבֵר וְשַׂמְתִּיךְ טו
לִגְאוֹן עוֹלָם מְשׂוֹשׂ דּוֹר וָדוֹר׃ וְיָנַקְתְּ חֲלֵב גּוֹיִם וְשֹׁד 16
מְלָכִים תִּינָקִי וְיָדַעַתְּ כִּי אֲנִי יְהוָה מוֹשִׁיעֵךְ וְגֹאֲלֵךְ אֲבִיר
יַעֲקֹב׃ תַּחַת הַנְּחֹשֶׁת אָבִיא זָהָב וְתַחַת הַבַּרְזֶל אָבִיא 17
כֶסֶף וְתַחַת הָעֵצִים נְחֹשֶׁת וְתַחַת הָאֲבָנִים בַּרְזֶל וְשַׂמְתִּי
פְקֻדָּתֵךְ שָׁלוֹם וְנֹגְשַׂיִךְ צְדָקָה׃ לֹא־יִשָּׁמַע עוֹד חָמָס 18
בְּאַרְצֵךְ שֹׁד וָשֶׁבֶר בִּגְבוּלָיִךְ וְקָרָאת יְשׁוּעָה חוֹמֹתַיִךְ
וּשְׁעָרַיִךְ תְּהִלָּה׃ לֹא־יִהְיֶה־לָּךְ עוֹד הַשֶּׁמֶשׁ לְאוֹר יוֹמָם 19
וּלְנֹגַהּ הַיָּרֵחַ לֹא־יָאִיר לָךְ וְהָיָה־לָךְ יְהוָה לְאוֹר עוֹלָם
וֵאלֹהַיִךְ לְתִפְאַרְתֵּךְ׃ לֹא־יָבוֹא עוֹד שִׁמְשֵׁךְ וִירֵחֵךְ לֹא כ

דיינע זיהן וועלען קומען פון וויטען, אונד
דיינע טעכטער וועלען דערצויגען ווערען
אן דיינער זייט: 5 דענסמאל וועסט דוא
עם זעהען, אונד דוא וועסט לייכטען, אונד
דיין הארץ וועט דערשרעקען אונד אויס־
געברייט ווערען, ווארין דער רייכטום פון
דעם ים וועט צו דיר געקעהרט ווערען,
דאס פערמעגען פון דיא גוים וועט צו דיר
קומען: 6 דיא פולהייט פון קעמעל וועלען
דיך בעדעקען, דיא יונגע קעמעלעך פון מדין
אונד עיפה, זייא וועלען אלע קומען פון
שבא, זייא וועלען טראגען גאלד אונד
ווייררויך, אונד זייא וועלען מבשר זיין דעם
לויב פון דעם האר: 7 אלע שאף פון קדר
וועלען צו דיר איינגעזאמעלט ווערען, דיא
ווידער פון נביות וועלען דיך בעדינען, זייא
וועלען אויפגעבראכט ווערען אויף מיין
מזבח צום וואוילגעפאלען, אונד איך וועל
פערהערליכען דאס הויז פון מיינע שענ־
הייט: 8 ווער זענען דיא דאזינע וואס
פליהען וויא א וואלקען, אונד וויא טויבען
צו זיירע פענסטער: 9 ווארין צו מיר ווע־
לען דיא אינזעלן האפען, אונד דיא שיפען
פון תרשיש צו ערשט דיינע זיהן פון
וויטען צו ברענגען, זייער זילבער אונד זייער גאלד מיט זייא, צו דעם נאמען פון דעם
האר דיין גאט, אונד צו דעם היילינגען פון ישראל ווייל ער האט דיך בעשיינט: 10 אונד
דיא זיהן פון פרעמדע וועלען אויפבויען דיינע מויערן, אונד זיירע מלכים וועלען דיך
בעדינען, ווארין אין מיין צארן האב איך דיך געשלאגען, אבער אין מיין וואוילגעפאלען
האב איך מיך איבער דיר דערבארמט: 11 אונד דיינע טויערן וועלען תמיד אפען זיין,
ביי טאג אונד ביי נאכט וועלען זייא ניט צוגעשלאסען זיין, כדי צו דיר צו ברענגען
דאס פערמעגען פון דיא גוים, אונד אז זיירע מלכים זאלען געברענגט ווערען: 12 ווארין
דאס פאלק אונד דאס קעניגרייך וואס וועט דיר ניט וועלען דינען זאל פערלוירען ווערען,
אונד דיא גוים זאלען אים גאנצען חרוב ווערען: 13 דער כבוד פון לבנון וועט צו דיר
קומען, דיא ביימער וואס הייסען ברוש תדהר, אונד תאשור צוזאמען, כדי צו פערהער־
ליכען דעם ארט פון מיינע היילינגקייט, אונד איך וועל פערהערליכען דעם ארט פון מיינע
פיס: 14 אונד דיא זיהן פון דיא וואס האבען דיך געפייניגט, וועלען צו דיר קומען אנידער־
געבויגט, אונד אלע וואס האבען דיך פעראכט וועלען זיך ביקען צו דיינע פוססבאלען,
אונד זייא וועלען דיך רופען דיא שטאט פון דעם האר, ציון פון דעם היילינגען פון ישראל:
15 ווייל דוא ביזט געוועזען א פערלאזטע אונד א פערהאסטע אונד קיינער איז איבער־
געפאהרען, אזוי וועל איך דיך מאכען צו איינע עבינע גרויסקייט, א פרייד צו דור דורות:
16 אונד דוא וועסט זייגען דיא מילך פון דיא גוים, אונד דיא ברוסטען פון מלכים וועסט
דוא אויך זייגען, אונד דוא וועסט וויסען אז איך דער האר בין דיין העלפער, אונד דיין
דערלעזער, דער שטארקער (גאט) פון יעקב: 17 פאר קופער וועל איך ברענגען גאלד,
אונד פאר אייזען וועל איך ברענגען זילבער, אונד פאר האלץ קופער, אונד פאר שטיינער
אייזען, אונד איך וועל מאכען דיינע בעפעהלערס שלום, אונד דיינע בעצווינגערס גע־
רעכטיגקייט: 18 עס וועט אין דיין לאנד ניט מעהר געהערט ווערען פון גזלה, צושטערונג,
אונד ברעכענים אין דיינע גרענעצען, נייערט דוא וועסט רופען דיינע מויערן הילף,
אונד דיינע טויערן לויב: 19 דיא זון וועט צו דיר ניט מעהר זיין פאר א ליכט ביי
טאג, אונד דער שיין פון דיא לבנה וועט ניט צו דיר ברויכען צו לייכטען, נייערט
דער האר וועט צו דיר זיין פאר איין עבינעס ליכט, אונד דיין גאט וועט
זיין צו דיינע שעהנהייט: 20 דיינע זון וועט ניט מעהר אונטערגעהן, אונד דיינע לבנה
וועט

יֵאָסֵף כִּי יְהוָה יִהְיֶה־לָּךְ לְאוֹר עוֹלָם וְשָׁלְמוּ יְמֵי אֶבְלֵךְ׃
21 וְעַמֵּךְ כֻּלָּם צַדִּיקִים לְעוֹלָם יִירְשׁוּ אָרֶץ נֵצֶר מַטָּעַו מַעֲשֵׂה
22 יָדַי לְהִתְפָּאֵר׃ הַקָּטֹן יִהְיֶה לָאֶלֶף וְהַצָּעִיר לְגוֹי עָצוּם אֲנִי
יְהוָה בְּעִתָּהּ אֲחִישֶׁנָּה׃

## סא

א רוּחַ אֲדֹנָי יְהוִה עָלָי יַעַן מָשַׁח יְהוָה אֹתִי לְבַשֵּׂר עֲנָוִים
שְׁלָחַנִי לַחֲבֹשׁ לְנִשְׁבְּרֵי־לֵב לִקְרֹא לִשְׁבוּיִם דְּרוֹר
2 וְלַאֲסוּרִים פְּקַח־קוֹחַ׃ לִקְרֹא שְׁנַת־רָצוֹן לַיהוָה וְיוֹם נָקָם
3 לֵאלֹהֵינוּ לְנַחֵם כָּל־אֲבֵלִים׃ לָשׂוּם ׀ לַאֲבֵלֵי צִיּוֹן לָתֵת
לָהֶם פְּאֵר תַּחַת אֵפֶר שֶׁמֶן שָׂשׂוֹן תַּחַת אֵבֶל מַעֲטֵה
תְהִלָּה תַּחַת רוּחַ כֵּהָה וְקֹרָא לָהֶם אֵילֵי הַצֶּדֶק מַטַּע
4 יְהוָה לְהִתְפָּאֵר׃ וּבָנוּ חָרְבוֹת עוֹלָם שֹׁמְמוֹת רִאשֹׁנִים
ה יְקוֹמֵמוּ וְחִדְּשׁוּ עָרֵי חֹרֶב שֹׁמְמוֹת דּוֹר וָדוֹר׃ וְעָמְדוּ
6 זָרִים וְרָעוּ צֹאנְכֶם וּבְנֵי נֵכָר אִכָּרֵיכֶם וְכֹרְמֵיכֶם׃ וְאַתֶּם
כֹּהֲנֵי יְהוָה תִּקָּרֵאוּ מְשָׁרְתֵי אֱלֹהֵינוּ יֵאָמֵר לָכֶם חֵיל גּוֹיִם
7 תֹּאכֵלוּ וּבִכְבוֹדָם תִּתְיַמָּרוּ׃ תַּחַת בָּשְׁתְּכֶם מִשְׁנֶה וּכְלִמָּה
יָרֹנּוּ חֶלְקָם לָכֵן בְּאַרְצָם מִשְׁנֶה יִירָשׁוּ שִׂמְחַת עוֹלָם תִּהְיֶה
8 לָהֶם׃ כִּי אֲנִי יְהוָה אֹהֵב מִשְׁפָּט שֹׂנֵא גָזֵל בְּעוֹלָה וְנָתַתִּי
9 פְעֻלָּתָם בֶּאֱמֶת וּבְרִית עוֹלָם אֶכְרוֹת לָהֶם׃ וְנוֹדַע בַּגּוֹיִם
זַרְעָם וְצֶאֱצָאֵיהֶם בְּתוֹךְ הָעַמִּים כָּל־רֹאֵיהֶם יַכִּירוּם כִּי
י הֵם זֶרַע בֵּרַךְ יְהוָה׃ שׂוֹשׂ אָשִׂישׂ בַּיהוָה תָּגֵל נַפְשִׁי
בֵּאלֹהַי כִּי הִלְבִּישַׁנִי בִּגְדֵי־יֶשַׁע מְעִיל צְדָקָה יְעָטָנִי כֶּחָתָן
11 יְכַהֵן פְּאֵר וְכַכַּלָּה תַּעְדֶּה כֵלֶיהָ׃ כִּי כָאָרֶץ תּוֹצִיא צִמְחָהּ
וּכְגַנָּה זֵרוּעֶיהָ תַצְמִיחַ כֵּן ׀ אֲדֹנָי יְהוִה יַצְמִיחַ צְדָקָה וּתְהִלָּה
נֶגֶד כָּל־הַגּוֹיִם׃

## סב

א לְמַעַן צִיּוֹן לֹא אֶחֱשֶׁה וּלְמַעַן יְרוּשָׁלִַם לֹא אֶשְׁקוֹט עַד־

וועט אויך ניט פערגעהן, וואָרין דער האַר וועט צו דיר זיין פאַר איין עבּיגעם ליכט, אונד דיא טעג פון דיינע טרויריגקייט וועלען זיך אויסלאָזען׃ 21 אונד דיין פאָלק וועלען אַלע זיין צדיקים, זייא וועלען אויף עבּיג ירשנ׳ן דאָס לאַנד, (זייא זענען) דיא צווייג פון מיינע פלאַנצונג, דאָס ווערק פון מיינע הענד, אַז איך זאָל פערהערליכט ווערען׃ 22 אַ קליינער וועט ווערען צו אַ טויזענד, אונד דער יונגסטער וועט ווערען צו אַ שטאַרק פאָלק, איך דער האַר וועל עס איילען אין זיינע צייט׃

## קאפיטעל סא

1 דער גייסט פון דעם האַר גאָט איז אויף מיר, ווייל דער האַר האָט מיך געזאַלבּט מבשר צו זיין צו דיא וואָס האָבּען אַ נידריג געמיט, ער האָט מיך געשיקט צו פערבּינדען דיא צובּראָכענע הערצער, אויסצורופען צו דיא געפאַנגענע אַ פרייהייט, אונד דאָס געפענגניס אויפצומאַכען צו דיא געבּונדענע׃ 2 אויסצורופען אַ יאָהר פון וואוילגעפאַלען פון דעם האַר, אונד אַ טאָג פון נקמה פון אונזער גאָט, צו טרייסטען אַלע טרויריגע (אבלים)׃ 3 צו בּעשטימען פאַר דיא טרויריגע אין ציון, צו זייא צו געבּען שענהייט פאַר אַש, פריידיגעס איל פאַר טרויריגקייט, אַ מאַנטעל פון לויבּ פאַר אַ טונקעל געמיט, אונד מען וועט זייא אָנרופען בּיימער פון גערעכטיגקייט, אַ פלאַנצונג פון דעם האַר, כּדי ער זאָל פערהערליכט ווערען׃ 4 אונד זייא וועלען אויפבּויען דיא אַלטע חורבות, זייא וועלען אויפשטעלען דיא פריהערדיגע פערוויסטונגען, אונד זייא וועלען פערריכטען דיא חרובּע שטעט, דיא פערוויסטונגען פון אַלטע דורות׃ 5 אונד פרעמדע וועלען שטעהן אונד פאַשען אייערע שאָף, אונד דיא זיהן פון פרעמדע וועלען זיין אייערע אַקערס־לייט אונד אייערע וויינגערטנער׃ 6 אָבּער איהר וועט גערופען ווערען דיא כּהנים פון דעם האַר, מען וועט אייך אָנרופען דיא משרתים פון אונזער גאָט, איהר וועט עסען דאָס פערמעגען פון דיא גוים, אונד אין זייער כּבוד וועט איהר אייך בּערימען׃ 7 פאַר אייערע בּושה וועט איהר בּעקומען דאָפּעלט, אונד וועגען דער שאַנד זאָלט איהר זינגען אין זייער חלק, דאַריבּער וועט איהר טאָפּעלט ירשנ׳ן אין זייער לאַנד, עס וועט צו זייא זיין, איינע עבּיגע פרייד׃ 8 וואָרין איך בּין דער האַר וואָס האָבּ ליבּ משפּט, איך האָבּ פיינד אַ גזלה פאַר אַ קרבּן עולה, אונד איך וועל בּעצאָהלען זייערע אַרבּייט מיט אמת, אונד איך וועל מיט זייא מאַכען איין עבּיגען בּרית׃ 9 אונד זייערע קינדער וועלען בּעקאַנט ווערען צווישען דיא גוים, אונד זייערע קינדער׳ס קינדער צווישען דיא פעלקער, אַלע וואָס וועלען זייא זעהען וועלען דערקענען אַז זייא זענען דער זאָמען וואָס דער האַר האָט געבּענשט׃ 10 איך וועל מיך זעהר פרייען אין דעם האַר, מיין נפש וועט פרעהליך זיין אין מיין גאָט, וואָרין ער האָט מיך אָנגעקליידעט מיט אַ קלייד פון הילף, מיט אַ מאַנטעל פון גערעכטיגקייט האָט ער מיך איינגעהילט, אַזוי וויא אַ חתן טהוט זיך בּעשיינען מיט שענקייט אונד אַזוי וויא אַ כּלה צירט זיך אָן מיט איהרע צירונג׃ 11 וואָרין אַזוי וויא דיא ערד בּרענגט אַרויס איהר געוועקס, אונד אַזוי וויא אַ גאָרטען שפּראָצט אַרויס זיין געזייעטעס, אַזוי וועט דער האַר גאָט לאָזען אַרויסשפּראָצען גערעכטיגקייט אונד לויבּ אַנטקעגען אַלע פעלקער׃

## קאפיטעל סב

1 פון ציון׳ס וועגען וועל איך ניט שווייגען, אונד וועגען ירושלים וועל איך ניט שטיל שווייגען

2 יֵצֵא כַנֹּגַהּ צִדְקָהּ וִישׁוּעָתָהּ כְּלַפִּיד יִבְעָר׃ וְרָאוּ גוֹיִם
צִדְקֵךְ וְכָל־מְלָכִים כְּבוֹדֵךְ וְקֹרָא לָךְ שֵׁם חָדָשׁ אֲשֶׁר פִּי
3 יְהוָה יִקֳּבֶנּוּ׃ וְהָיִית עֲטֶרֶת תִּפְאֶרֶת בְּיַד־יְהוָה וּצְנוֹף
4 מְלוּכָה בְּכַף־אֱלֹהָיִךְ׃ לֹא־יֵאָמֵר לָךְ עוֹד עֲזוּבָה וּלְאַרְצֵךְ
לֹא־יֵאָמֵר עוֹד שְׁמָמָה כִּי לָךְ יִקָּרֵא חֶפְצִי־בָהּ וּלְאַרְצֵךְ
ה בְּעוּלָה כִּי־חָפֵץ יְהוָה בָּךְ וְאַרְצֵךְ תִּבָּעֵל׃ כִּי־יִבְעַל בָּחוּר
בְּתוּלָה יִבְעָלוּךְ בָּנָיִךְ וּמְשׂוֹשׂ חָתָן עַל־כַּלָּה יָשִׂישׂ עָלַיִךְ
6 אֱלֹהָיִךְ׃ עַל־חוֹמֹתַיִךְ יְרוּשָׁלִַם הִפְקַדְתִּי שֹׁמְרִים כָּל־הַיּוֹם
וְכָל־הַלַּיְלָה תָּמִיד לֹא יֶחֱשׁוּ הַמַּזְכִּרִים אֶת־יְהוָה אַל־דֳּמִי
7 לָכֶם׃ וְאַל־תִּתְּנוּ דֳמִי לוֹ עַד־יְכוֹנֵן וְעַד־יָשִׂים אֶת־יְרוּשָׁלִַם
8 תְּהִלָּה בָּאָרֶץ׃ נִשְׁבַּע יְהוָה בִּימִינוֹ וּבִזְרוֹעַ עֻזּוֹ אִם־אֶתֵּן
אֶת־דְּגָנֵךְ עוֹד מַאֲכָל לְאֹיְבַיִךְ וְאִם־יִשְׁתּוּ בְנֵי־נֵכָר תִּירוֹשֵׁךְ
9 אֲשֶׁר יָגַעַתְּ בּוֹ׃ כִּי מְאַסְפָיו יֹאכְלֻהוּ וְהִלְלוּ אֶת־יְהוָה
י וּמְקַבְּצָיו יִשְׁתֻּהוּ בְּחַצְרוֹת קָדְשִׁי׃ עִבְרוּ עִבְרוּ בַּשְּׁעָרִים
פַּנּוּ דֶּרֶךְ הָעָם סֹלּוּ סֹלּוּ הַמְסִלָּה סַקְּלוּ מֵאֶבֶן הָרִימוּ נֵס
11 עַל־הָעַמִּים׃ הִנֵּה יְהוָה הִשְׁמִיעַ אֶל־קְצֵה הָאָרֶץ אִמְרוּ
לְבַת־צִיּוֹן הִנֵּה יִשְׁעֵךְ בָּא הִנֵּה שְׂכָרוֹ אִתּוֹ וּפְעֻלָּתוֹ לְפָנָיו׃
12 וְקָרְאוּ לָהֶם עַם־הַקֹּדֶשׁ גְּאוּלֵי יְהוָה וְלָךְ יִקָּרֵא דְרוּשָׁה
עִיר לֹא נֶעֱזָבָה׃

## סג סג

א מִי־זֶה ׀ בָּא מֵאֱדוֹם חֲמוּץ בְּגָדִים מִבָּצְרָה זֶה הָדוּר
בִּלְבוּשׁוֹ צֹעֶה בְּרֹב כֹּחוֹ אֲנִי מְדַבֵּר בִּצְדָקָה רַב לְהוֹשִׁיעַ׃
2 מַדּוּעַ אָדֹם לִלְבוּשֶׁךָ וּבְגָדֶיךָ כְּדֹרֵךְ בְּגַת׃ פּוּרָה ׀ דָּרַכְתִּי 3
לְבַדִּי וּמֵעַמִּים אֵין־אִישׁ אִתִּי וְאֶדְרְכֵם בְּאַפִּי וְאֶרְמְסֵם
4 בַּחֲמָתִי וְיֵז נִצְחָם עַל־בְּגָדַי וְכָל־מַלְבּוּשַׁי אֶגְאָלְתִּי׃ כִּי
ה יוֹם נָקָם בְּלִבִּי וּשְׁנַת גְּאוּלַי בָּאָה׃ וְאַבִּיט וְאֵין עֹזֵר
וְאֶשְׁתּוֹמֵם וְאֵין סוֹמֵךְ וַתּוֹשַׁע לִי זְרֹעִי וַחֲמָתִי הִיא

בִּיז אִיהְרֶע גֶערֶעכְטִיגְקֵייט װעט אַרױס־
גֶעהְן װִיא אַ גְלַאנְץ, אוּנְד אִיהְרֶע הִילְף
אַזוֹי װִיא אַ פְלַאם װָאס בְּרֶענְט׃ 2 אוּנְד
דִיא גוֹיִם װעלֶען זֶעהֶען דֵיינֶע גֶערֶעכְטִיגְ־
קֵייט, אוּנְד אַלֶע מְלָכִים דֵיין כָּבוֹד, אוּנְד
דוּא װעסְט אָנְגֶערוּפֶען װערֶען מִיט אַ נֵייעֶם
נָאמֶען װָאס דֶעם הַאר׳ס מוֹיל װעט
בֶּעשְׁטִימֶען׃ 3 אוּנְד דוּא װעסְט זֵיין אַ
הֶערְלִיכֶע קְרוֹין אִין דִיא הַאנְד פוּן דֶעם
הַאר, אוּנְד אַ קֶענִיגְלִיכֶער הוּט אִין דִיא
הַאנְד פוּן דֵיין גָאט׃ 4 מֶען װעט נִיט
מֶעהְר צוּ דִיר זָאגֶען פֶערְלָאזְטֶע, אוּנְד צוּ
דֵיין לַאנְד װעט מֶען נִיט מֶעהְר זָאגֶען,
פֶערְװִיסְטוּנְג, נֵייעֶרְט מֶען װעט דִיךְ רוּפֶען
חֶפְצִי־בָהּ, אוּנְד דֵיין לַאנְד בְּעוּלָה, װָארִין
דֶער הַאר הָאט לוּסְט צוּ דִיר, אוּנְד דֵיין
לַאנְד װעט (װִידֶער) בֶּעמַאנְט װערֶען׃
5 װָארִין אַזוֹי װִיא אַ בָּחוּר בֶּעמַאנְט אַ
בְּתוּלָה, אַזוֹי װעלֶען דִיךְ דֵיינֶע קִינְדֶער
בֶּעמַאנֶען, אוּנְד אַזוֹי װִיא אַ חָתָן פְרֵייעֶט
זִיךְ אִיבֶּער דֶער כַּלָה, אַזוֹי װעט זִיךְ דֵיין
גָאט פְרֵייעֶן אִיבֶּער דִיר׃ 6 אִיךְ הָאבּ
אוֹיף דֵיינֶע מוֹיעֶרְן בֶּעפוֹילֶען װעכְטֶערְס
אָ יְרוּשָׁלַיִם! זֵייא װעלֶען תָּמִיד נִיט שְׁטִיל
שְׁװֵייגֶען דֶעם גַאנְצֶען טָאג אוּנְד דִיא גַאנְצֶע נַאכְט, אִיהְר װָאס זֶענְט דֶעם הַאר׳ס
דֶערְמָאנֶערְס אִיהְר זָאלְט נִיט שְׁװֵייגֶען׃ 7 אוּנְד אִיהְר זָאלְט אִיהְם נִיט לָאזֶען שְׁװֵייגֶען
בִּיז עֶר װעט צוּבֶּערֵייטֶען אוּנְד בִּיז עֶר װעט מַאכֶען יְרוּשָׁלַיִם אַ לוֹיבּ אוֹיף דֶער עֶרְד׃
8 דֶער הַאר הָאט גֶעשְׁװאוֹירֶען בַּייא זֵיינֶע רֶעכְטֶע הַאנְד, אוּנְד בַּייא דֶעם אָרֶעם פוּן
זֵיינֶע שְׁטַארְקְהֵייט, אוֹיבּ אִיךְ װעל נָאכְאַמָאל גֶעבֶּען דֵיין קָארְן אַלְס עֶסֶען צוּ דֵיינֶע
פֵיינְד, אוּנְד אוֹיבּ דִיא זִיהְן פוּן פְרֶעמְדֶע װעלֶען טְרִינְקֶען דֵיין װֵיין װַאס װעלְכֶען דוּא
הָאסְט דִיךְ בֶּעמִיהְט׃ 9 נֵייעֶרְט דִיא װָאס הָאבֶּען עֶס גֶעזַאמֶעלְט דִיא װעלֶען עֶס עֶסֶען
אוּנְד לוֹיבֶּען דֶעם הַאר, אוּנְד דִיא װָאס הָאבֶּען עֶס אֵיינְגֶעזַאמֶעלְט װעלֶען עֶס טְרִינְקֶען
אִין מֵיין הֵיילִיגֶען הוֹיף׃ 10 גֶעהְט אַרִיבֶּער, גֶעהְט אַרִיבֶּער אִיבֶּער דִיא טוֹיעֶרְן, מַאכְט
בְּרֵייט דֶעם װעג פָאר דֶעם פָאלְק, שִׁיט אוֹיף! שִׁיט אוֹיף דֶעם הוֹיכֶען װעג, נֶעמְט
אַװעק דִיא שְׁטֵיינֶער, הֶעבְּט אוֹיף אַ כָאהְן פַאר דִיא פֶעלְקֶער׃ 11 זֶעהְט, דֶער הַאר
הָאט עֶס גֶעמַאכְט הֶערֶען בִּיז צוּ דֶעם עֶק פוּן דֶער עֶרְד, זָאגְט צוּ דֶער טָאכְטֶער פוּן
צִיּוֹן זֶעה, דֵיין הֶעלְפֶער קוּמְט, זֶעה, זֵיין שְׂכַר אִיז מִיט אִיהְם, אוּנְד זֵיין װעג אִיז פָאר
אִיהְם׃ 12 אוּנְד מֶען װעט זֵייא רוּפֶען דָאס הֵיילִיגֶע פָאלְק, דִיא דֶערְלֶעזְטֶע פוּן דֶעם
הַאר, אוּנְד דִיךְ װעט מֶען רוּפֶען אוֹיסְגֶעפָארְשְׁטֶע, אַ שְׁטָאט װָאס אִיז נִיט פֶערְלָאזֶען׃

## קאפיטעל סג

1 װער אִיז דֶער דָאזִיגֶער װָאס קוּמְט פוּן אֱדוֹם, מִיט גֶעפַארְבְּטֶע קְלֵיידֶער פוּן בָּצְרָה?
דֶער דָאזִיגֶער װָאס אִיז בֶּעשֵׁיינְט אִין זֵיינֶע קְלֵיידֶער, אוּנְד גֶעהְט אַרוּם מִיט זֵיין גְרוֹיסֶען
כֹּחַ? — אִיךְ בִּין עֶס װָאס רֶעט מִיט גֶערֶעכְטִיגְקֵייט, אוּנְד בִּין שְׁטַארְק צוּ הֶעלְפֶען׃ 2 פַארְ־
װָאס זֶענֶען דֵיינֶע קְלֵיידֶער אַזוֹי רוֹיט, אוּנְד דֵיינֶע קְלֵיידֶער אַזוֹי װִיא דֶער װָאס טְרֶעט דִיא
קֶעלְטֶער? 3 אִיךְ הָאבּ אַלֵיין גֶעטְרֶעטֶען דִיא װֵיינְפְּרֶעס, אוּנְד פוּן דִיא פֶעלְקֶער אִיז קֵיינֶער
נִיט מִיט מִיר גֶעװעזֶען, װָארִין אִיךְ הָאבּ זֵייא גֶעטְרֶעטֶען אִין מֵיין צָארְן, אוּנְד זֵייא צוּטְרֶע־
טֶען אִין מֵיין גְרִימְצָארְן, אוּנְד אַזוֹי הָאט פוּן זֵייעֶר בְּלוּט גֶעשְׁפְּרִיצְט אוֹיף מֵיינֶע קְלֵיידֶער,
אוּנְד אַלֶע מֵיינֶע מַלְבּוּשִׁים זֶענֶען אֵיינְגֶערִיכְט׃ 4 װָארִין עֶס אִיז אַ טָאג פוּן נְקָמָה אִין מֵיין
הַארְץ, אוּנְד דָאס יָאהְר פוּן דִיא אוֹיסְגֶעלֶעזְטֶע אִיז אָנְגֶעקוּמֶען׃ 5 אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעקוּקְט,
אוּנְד עֶס אִיז קֵיין הֶעלְפֶער נִיט דָא גֶעװעזֶען, אוּנְד אִיךְ הָאבּ מִיךְ פֶערְװאוּנְדֶערְט, אוּנְד עֶס
אִיז נִיט דָא גֶעװעזֶען קֵיין אוּנְטֶערְלֶעהְנֶער, אַזוֹי הָאט מִיר מֵיין אֵייגֶענֶער אָרֶעם גֶעהָאלְפֶען,

אוּנְד

6 סָמָכָתְנִי׃ וְאָבוּס עַמִּים בְּאַפִּי וַאֲשַׁכְּרֵם בַּחֲמָתִי וְאוֹרִיד
7 לָאָרֶץ נִצְחָם׃ חַסְדֵי יְהוָה ׀ אַזְכִּיר תְּהִלֹּת יְהוָה
כְּעַל כֹּל אֲשֶׁר־גְּמָלָנוּ יְהוָה וְרַב־טוּב לְבֵית יִשְׂרָאֵל אֲשֶׁר־
8 גְּמָלָם כְּרַחֲמָיו וּכְרֹב חֲסָדָיו׃ וַיֹּאמֶר אַךְ־עַמִּי הֵמָּה
9 בָּנִים לֹא יְשַׁקֵּרוּ וַיְהִי לָהֶם לְמוֹשִׁיעַ׃ בְּכָל־צָרָתָם ׀ לֹא
צָר וּמַלְאַךְ פָּנָיו הוֹשִׁיעָם בְּאַהֲבָתוֹ וּבְחֶמְלָתוֹ הוּא גְאָלָם
י וַיְנַטְּלֵם וַיְנַשְּׂאֵם כָּל־יְמֵי עוֹלָם׃ וְהֵמָּה מָרוּ וְעִצְּבוּ אֶת־
11 רוּחַ קָדְשׁוֹ וַיֵּהָפֵךְ לָהֶם לְאוֹיֵב הוּא נִלְחַם־בָּם׃ וַיִּזְכֹּר
יְמֵי־עוֹלָם מֹשֶׁה עַמּוֹ אַיֵּה ׀ הַמַּעֲלֵם מִיָּם אֵת רֹעֵה צֹאנוֹ
12 אַיֵּה הַשָּׂם בְּקִרְבּוֹ אֶת־רוּחַ קָדְשׁוֹ׃ מוֹלִיךְ לִימִין מֹשֶׁה
זְרוֹעַ תִּפְאַרְתּוֹ בּוֹקֵעַ מַיִם מִפְּנֵיהֶם לַעֲשׂוֹת לוֹ שֵׁם עוֹלָם׃
13 14 מוֹלִיכָם בַּתְּהֹמוֹת כַּסּוּס בַּמִּדְבָּר לֹא יִכָּשֵׁלוּ׃ כַּבְּהֵמָה
בַּבִּקְעָה תֵרֵד רוּחַ יְהוָה תְּנִיחֶנּוּ כֵּן נִהַגְתָּ עַמְּךָ לַעֲשׂוֹת
טו לְךָ שֵׁם תִּפְאָרֶת׃ הַבֵּט מִשָּׁמַיִם וּרְאֵה מִזְּבֻל קָדְשְׁךָ
וְתִפְאַרְתֶּךָ אַיֵּה קִנְאָתְךָ וּגְבוּרֹתֶךָ הֲמוֹן מֵעֶיךָ וְרַחֲמֶיךָ
16 אֵלַי הִתְאַפָּקוּ׃ כִּי־אַתָּה אָבִינוּ כִּי אַבְרָהָם לֹא יְדָעָנוּ
וְיִשְׂרָאֵל לֹא יַכִּירָנוּ אַתָּה יְהוָה אָבִינוּ גֹּאֲלֵנוּ מֵעוֹלָם
17 שְׁמֶךָ׃ לָמָּה תַתְעֵנוּ יְהוָה מִדְּרָכֶיךָ תַּקְשִׁיחַ לִבֵּנוּ מִיִּרְאָתֶךָ
18 שׁוּב לְמַעַן עֲבָדֶיךָ שִׁבְטֵי נַחֲלָתֶךָ׃ לַמִּצְעָר יָרְשׁוּ עַם־
19 קָדְשֶׁךָ צָרֵינוּ בּוֹסְסוּ מִקְדָּשֶׁךָ׃ הָיִינוּ מֵעוֹלָם לֹא־מָשַׁלְתָּ
בָּם לֹא־נִקְרָא שִׁמְךָ עֲלֵיהֶם לוּא־קָרַעְתָּ שָׁמַיִם יָרַדְתָּ
מִפָּנֶיךָ הָרִים נָזֹלּוּ׃

## סד סד

א כִּקְדֹחַ אֵשׁ הֲמָסִים מַיִם תִּבְעֶה־אֵשׁ לְהוֹדִיעַ שִׁמְךָ לְצָרֶיךָ
2 מִפָּנֶיךָ גּוֹיִם יִרְגָּזוּ׃ בַּעֲשׂוֹתְךָ נוֹרָאוֹת לֹא נְקַוֶּה יָרַדְתָּ
3 מִפָּנֶיךָ הָרִים נָזֹלּוּ׃ וּמֵעוֹלָם לֹא־שָׁמְעוּ לֹא הֶאֱזִינוּ עַיִן
4 לֹא־רָאָתָה אֱלֹהִים זוּלָתְךָ יַעֲשֶׂה לִמְחַכֵּה־לוֹ׃ פָּגַעְתָּ אֶת־

אונד מיין גרימצארן האט מיך אונטערגעלעהנט: 6 אונד איך האב צוטרעטען פעלקער אין מיין צארן, אונד איך האב זייא צובראכען אין מיין גרימצארן, אונד איך װעל ארופברענגען צו דער ערד זייערע שטארקהייט: 7 איך װעל געדענקען דעם חסד פון דעם האר אונד דעם לויב פון דעם האר, נאך אלעם װאס דער האר האט אונס פערגאלטען, אונד דאס גרויסע גוטקייט צו דעם הויזגעזינד פון ישראל, װאס ער האט צו זייא פערגאלטען אונד נאך זיינע פילע חסדים: 8 װארין ער האט געזאגט — זייא זענען דאך מיין פאלק, קינדער װאס לייקענען ניט, אזוי איז ער געװארען זייער העלפער: 9 אין אלע זייערע צרות האט ער (אויך) געליטען, אונד דער מלאך פון זיין פנים האט זייא געהאלפען, אין זיינע ליבשאפט אונד אין זיינע דערבארמונג האט ער זייא אויסגעלעזט, אונד ער האט זייא אויפגעהויבען אונד זייא געטראגען אלע טעג פון עביג אן: 10 אבער זייא האבען מורד געװעזען אונד בעטריבט זיין רוח הקודש, אזוי האט ער זיך קעגען זייא אומגעקעהרט אלס א פיינד, ער האט מיט זייא מלחמה געהאלטען: 11 אונד ער האט געדענקט אן דיא אלטע טעג, משה אונד זיין פאלק, אװאו איז דער װאס האט זייא ארויפגעברענגט פון דעם ים מיט דעם פאסטוך פון זיינע שאף? אװאו איז דער װאס האט צװישען זייא געגעבען זיין רוח הקודש? 12 װאס האט זייא געפיהרט דורך דיא רעכטע האנד פון משה, מיט דעם ארעם פון זיינע שענהייט, ער האט פאר זייא געשפאלטען דאס װאסער, כדי זיך צו מאכען אן עביגען נאמען: 13 ער האט זייא געפיהרט דורך דיא אפגרונדען, אזוי װיא א פערד אין דער מדבר אז זייא זאלען ניט שטרויכלען: 14 אזוי װיא א בהמה נידערט ארונטער אין דעם טאהל אזוי האט איהם דער גייסט פון דעם האר געמאכט רוהען, אזוי האסט דו געפיהרט דיין פאלק כדי דיר צו מאכען א הערליכען נאמען: 15 קוק ארונטער פון דעם הימעל, אונד זעה פון דיינער הייליגען אונד הערליכען װאוינונג, אװאו איז דיינע קנאה אונד דיינע גבורה, דאס ברומען פון דיינע געדערם אונד דיין רחמנות? האבען זייא זיך קעגען מיר איינגעהאלטען: 16 פארװאהר, דו ביזט אונזער פאטער חאטשע אברהם האט אונס ניט געקענט אונד ישראל װיל אונס ניט אנערקענען, דאך ביזט דו א האר אונזער פאטער, אונזער ערלעזער, דאס איז דיין נאמען פון עביג אן: 17 פארװאס מאכסט דו אונס פערבלאנדזשען א האר פון דיינע װעגען, אונד האסט אונזער הארץ געמאכט הארט אז מיר זאלען פאר דיר ניט מורא האבען? קעהר דאך װידער צו דיינע קנעכט, דיא שבטים פון דיינע נחלה: 18 נאר א קליינע צייט האט דאס פאלק פון דיינע הייליגקייט געירשת, אונזערע פיינד האבען צוטרעטען דיין בית המקדש: 19 מיר געהערען צו דיר פון עביג אן, איבער זייא האסט דו קיינמאל געװעלטיגט, דיין נאמען איז ניט אויף זייא אנגערופען; הלואי װאלסט דו דיא הימעל צוריסען, אונד העסט ארונטערגענידערט, כדי דיא בערג זאלען פאר דיר צורינען:

## קאפיטעל סד

1 אזוי װיא א פייער פון שטעקלעך ברענט, אז דאס פייער מאכט דאס װאסער קאכען, כדי בעקאנט צו מאכען דיין נאמען צו דיינע פיינד, פאר דיר זאלען דיא פעלקער ציטערן: 2 װען דו האסט געטהון פארכטערליכע זאכען אויף װאס מיר האבען ניט געהאפט, דו האסט ארונטערגענידערט, דיא בערג זענען פאר דיר צורינען געװארען: 3 אונד פון עביג אן האבען זייא עס ניט געהערט, אונד ניט פערנומען, קיין אויג האט עס אויך ניט געזעהען, א גאט, חוץ דיר, װאס עס װעט געטהון װערען צו איהם װאס האפט אויף איהם: 4 דו טרעפסט

אן

שָׂשׂ וְעֹשֵׂה צֶדֶק בִּדְרָכֶיךָ יִזְכְּרוּךָ הֵן־אַתָּה קָצַפְתָּ וַנֶּחֱטָא
בָּהֶם עוֹלָם וְנִוָּשֵׁעַ׃ וַנְּהִי כַטָּמֵא כֻּלָּנוּ וּכְבֶגֶד עִדִּים כָּל־ ה
צִדְקֹתֵינוּ וַנָּבֶל כֶּעָלֶה כֻּלָּנוּ וַעֲוֺנֵנוּ כָּרוּחַ יִשָּׂאֻנוּ׃ וְאֵין 6
קוֹרֵא בְשִׁמְךָ מִתְעוֹרֵר לְהַחֲזִיק בָּךְ כִּי־הִסְתַּרְתָּ פָנֶיךָ מִמֶּנּוּ
וַתְּמוּגֵנוּ בְּיַד־עֲוֺנֵנוּ׃ וְעַתָּה יְהוָה אָבִינוּ אָתָּה אֲנַחְנוּ הַחֹמֶר 7
וְאַתָּה יֹצְרֵנוּ וּמַעֲשֵׂה יָדְךָ כֻּלָּנוּ׃ אַל־תִּקְצֹף יְהוָה עַד־מְאֹד 8
וְאַל־לָעַד תִּזְכֹּר עָוֺן הֵן הַבֶּט־נָא עַמְּךָ כֻלָּנוּ׃ עָרֵי קָדְשְׁךָ 9
הָיוּ מִדְבָּר צִיּוֹן מִדְבָּר הָיָתָה יְרוּשָׁלִַם שְׁמָמָה׃ בֵּית י
קָדְשֵׁנוּ וְתִפְאַרְתֵּנוּ אֲשֶׁר הִלְלוּךָ אֲבֹתֵינוּ הָיָה לִשְׂרֵפַת
אֵשׁ וְכָל־מַחֲמַדֵּינוּ הָיָה לְחָרְבָּה׃ הַעַל־אֵלֶּה תִתְאַפַּק 11
יְהוָה תֶּחֱשֶׁה וּתְעַנֵּנוּ עַד־מְאֹד׃

## סה

נִדְרַשְׁתִּי לְלוֹא שָׁאָלוּ נִמְצֵאתִי לְלֹא בִקְשֻׁנִי אָמַרְתִּי הִנֵּנִי א
הִנֵּנִי אֶל־גּוֹי לֹא־קֹרָא בִשְׁמִי׃ פֵּרַשְׂתִּי יָדַי כָּל־הַיּוֹם אֶל־ 2
עַם סוֹרֵר הַהֹלְכִים הַדֶּרֶךְ לֹא־טוֹב אַחַר מַחְשְׁבֹתֵיהֶם׃
הָעָם הַמַּכְעִסִים אוֹתִי עַל־פָּנַי תָּמִיד זֹבְחִים בַּגַּנּוֹת וּמְקַטְּרִים 3
עַל־הַלְּבֵנִים׃ הַיֹּשְׁבִים בַּקְּבָרִים וּבַנְּצוּרִים יָלִינוּ הָאֹכְלִים 4
בְּשַׂר הַחֲזִיר וּפְרַק פִּגֻּלִים כְּלֵיהֶם׃ הָאֹמְרִים קְרַב אֵלֶיךָ ה
אַל־תִּגַּשׁ־בִּי כִּי קְדַשְׁתִּיךָ אֵלֶּה עָשָׁן בְּאַפִּי אֵשׁ יֹקֶדֶת
כָּל־הַיּוֹם׃ הִנֵּה כְתוּבָה לְפָנָי לֹא אֶחֱשֶׁה כִּי אִם־שִׁלַּמְתִּי 6
וְשִׁלַּמְתִּי עַל־חֵיקָם׃ עֲוֺנֹתֵיכֶם וַעֲוֺנֹת אֲבוֹתֵיכֶם יַחְדָּו אָמַר 7
יְהוָה אֲשֶׁר קִטְּרוּ עַל־הֶהָרִים וְעַל־הַגְּבָעוֹת חֵרְפוּנִי וּמַדֹּתִי
פְעֻלָּתָם רִאשֹׁנָה עַל־חֵיקָם׃ כֹּה ׀ אָמַר יְהוָה כַּאֲשֶׁר 8
יִמָּצֵא הַתִּירוֹשׁ בָּאֶשְׁכּוֹל וְאָמַר אַל־תַּשְׁחִיתֵהוּ כִּי בְרָכָה
בּוֹ כֵּן אֶעֱשֶׂה לְמַעַן עֲבָדַי לְבִלְתִּי הַשְׁחִית הַכֹּל׃ וְהוֹצֵאתִי 9
מִיַּעֲקֹב זֶרַע וּמִיהוּדָה יוֹרֵשׁ הָרָי וִירֵשׁוּהָ בְחִירַי וַעֲבָדַי
יִשְׁכְּנוּ־שָׁמָּה׃ וְהָיָה הַשָּׁרוֹן לִנְוֵה־צֹאן וְעֵמֶק עָכוֹר לְרֵבֶץ י

אָן דיא וואָס פֿרייען זיך אונד וואָס טהוּן גערעכטיגקייט, זאָלכע וואָס געדענקען דיך אויף דיינע וועגען, זעה, דוּא האָסט געצאָרנט ווייל מיר האָבען געזינדיגט, אין זייא איז איין עביגער בעשטאַנד, אוּנד מיר ווערען בעהאָלפען: 5 אָבער מיר זענען אַלע געוואָרען ווי איין אוּמ־ריינער אוּנד אַלע אוּנזערע גערעכטיגקייט איז ווי איין איינגעריכטעס קלייד, אוּנד מיר אַלע ווערען פערוועלקט אַזוי ווי אַ בלאַט, אוּנד אוּנזערע זינד טראָגען אוּנס אַוועק ווי אַ ווינד: 6 אוּנד עס איז קיינער ניט דאָ וואָס זאָל דיין נאָמען אָנרוּפען, זיך צוּ דערוועקען אין דיר אָנצוּהאַלטען, וואָרין דוּא האָסט דיין פּנים פוּן אוּנס פערבאָרגען, אוּנד מיר זענען צוּשמאָלצען געוואָרען וועגען אוּנזערע זינד: 7 אָבער דוּא אָ האַר, ביזט דאָך אוּנזער פאָטער, מיר זענען דאָס לעהם אָבער דוּא ביזט אוּנזער טעפּער, אוּנד מיר זענען אַלע דאָס ווערק פוּן דיינע הענד: 8 אָ האַר, דוּא זאָלסט ניט זעהר צאָרנען! אוּנד דוּא זאָלסט ניט אויף עביג געדענקען אוּנזערע זינד, זעה קוּק דאָך אָן, מיר זענען אַלע דיין פאָלק: 9 דיינע הייליגע שטעט זענען אַ מדבּר, ציון איז אַ מדבּר, ירושלים איז וויסט: 10 אוּנזער הייליגעס אוּנד אוּנזער שענעס הויז וואו אוּנזערע אָבות האָבען דיך געלויבט איז פערברענט געוואָרען מיט פייער, אוּנד אַלע אוּנזערע ליבּליכקייטען זענען געוואָרען צוּ אַ חרבּן: 11 ווילסט דוּא דיך איבער דיא דאָזיגע זאַכען איינהאַלטען אָ האַר? ווילסט דוּא שווייגען אוּנד אוּנס אַזוי זעהר פּייניגען?

## קאַפּיטעל סה

1 איך בין געפאָרשט פוּן דיא וואָס האָבען ניט געפרעגט אויף מיר, איך בין געפוּנען געוואָרען פוּן דיא וואָס האָבען מיך ניט געזוּכט, איך האָב געזאָגט, היער בין איך, צוּ אַ פאָלק וואָס איז ניט אָנגערוּפען בייא מיין נאָמען: 2 איך האָב אויסגעשפּרייט מיינע הענד דעם גאַנצען טאָג, צוּ אַ פאָלק וואָס קעהרט אָפּ, וואָס געהען אויף אַ וועג וואָס איז ניט גוּט, נאָך זיירע איינענע געדאַנקען: 3 אַ פאָלק וואָס טהוּט מיך תּמיד דערצערנען פאַר מיין פּנים, זייא שעכטען אין דיא גערטען אוּנד רייכערן אויף דיא ציגעל: 4 וואָס בלייבען צווישען דיא קברים, אוּנד נעכטיגען אין דיא בעהאַלטענע ערטער, וואָס עסען חזיר־פליישׁ, אוּנד יאָך פוּן אוּמווירדיגקייטען איז אין זיירע כּלים: 5 וואָס זאָגען, בענעהנט ניט צוּ מיר, ריהר מיך ניט אָן, וואָרין איך בין הייליגער ווי דוּא, דיא דאָזיגע זענען אַ רויך אין מיינע נאָז, אַ פייער וואָס ברענט דעם גאַנצען טאָג: 6 זעה, דאָס איז פאַר מיר געשריבען, איך וועל ניט שווייגען, נייערט איך וועל בעצאָהלען, איך וועל עס בעצאָהלען אין זייער שוים: 7 אייערע זינד אוּנד דיא זינד פוּן אייערע אָבות צוּזאַמען, זאָגט דער האַר, וואָס האָבען גערייכערט אויף דיא בערג אוּנד אויף דיא הייך האָבען זייא מיך געלעסטערט, דאַרוּם וועל איך מעסטען זיירע ערשטע אַרבּייט אין זייער שוים: 8 אַזוי זאָגט דער האַר, אַזוי ווי מען געפינט אויף אַ צווייג צייטיגע וויינטרויבען אוּנד מען זאָגט, דוּא זאָלסט עס ניט פערדאַרבען וואָרין עס איז אַ בּרכה דאַרין, (גראָד) אַזוי וועל איך טהוּן פוּן וועגען מיינע קנעכט, אַז איך זאָל ניט אַלע פערדאַרבען: 9 איך וועל אַרויסברענגען פוּן יעקב קינדער, אוּנד פוּן יהודה אַ יורש פאַר מיינע בערג, אוּנד מיינע אויסדערוועלטע וועלען עס ירשנ'ן אוּנד מיינע קנעכט וועלען דאָרט וואוינען: 10 אוּנד דער שרון וועט זיין צוּ אַ וואוינוּנג פוּן שאָף, אוּנד דאָס טאָהל עכור פאַר אַ רוּהעגג

11 בָּקָר לְעַמִּי אֲשֶׁר דְּרָשׁוּנִי׃ וְאַתֶּם עֹזְבֵי יְהוָה הַשְּׁכֵחִים
אֶת־הַר קָדְשִׁי הַעֹרְכִים לַגַּד שֻׁלְחָן וְהַמְמַלְאִים לַמְנִי
12 מִמְסָךְ׃ וּמָנִיתִי אֶתְכֶם לַחֶרֶב וְכֻלְּכֶם לַטֶּבַח תִּכְרָעוּ
יַעַן קָרָאתִי וְלֹא עֲנִיתֶם דִּבַּרְתִּי וְלֹא שְׁמַעְתֶּם וַתַּעֲשׂוּ הָרַע
13 בְּעֵינַי וּבַאֲשֶׁר לֹא־חָפַצְתִּי בְּחַרְתֶּם׃ לָכֵן כֹּה־אָמַר ׀
אֲדֹנָי יְהוִה הִנֵּה עֲבָדַי ׀ יֹאכֵלוּ וְאַתֶּם תִּרְעָבוּ הִנֵּה עֲבָדַי
יִשְׁתּוּ וְאַתֶּם תִּצְמָאוּ הִנֵּה עֲבָדַי יִשְׂמָחוּ וְאַתֶּם תֵּבֹשׁוּ׃
14 הִנֵּה עֲבָדַי יָרֹנּוּ מִטּוּב לֵב וְאַתֶּם תִּצְעֲקוּ מִכְּאֵב לֵב
טו וּמִשֵּׁבֶר רוּחַ תְּיֵלִילוּ׃ וְהִנַּחְתֶּם שִׁמְכֶם לִשְׁבוּעָה לִבְחִירַי
16 וֶהֱמִיתְךָ אֲדֹנָי יְהוִה וְלַעֲבָדָיו יִקְרָא שֵׁם אַחֵר׃ אֲשֶׁר
הַמִּתְבָּרֵךְ בָּאָרֶץ יִתְבָּרֵךְ בֵּאלֹהֵי אָמֵן וְהַנִּשְׁבָּע בָּאָרֶץ
יִשָּׁבַע בֵּאלֹהֵי אָמֵן כִּי נִשְׁכְּחוּ הַצָּרוֹת הָרִאשֹׁנוֹת וְכִי
17 נִסְתְּרוּ מֵעֵינָי׃ כִּי־הִנְנִי בוֹרֵא שָׁמַיִם חֲדָשִׁים וָאָרֶץ חֲדָשָׁה
18 וְלֹא תִזָּכַרְנָה הָרִאשֹׁנוֹת וְלֹא תַעֲלֶינָה עַל־לֵב׃ כִּי־אִם־
שִׂישׂוּ וְגִילוּ עֲדֵי־עַד אֲשֶׁר אֲנִי בוֹרֵא כִּי הִנְנִי בוֹרֵא אֶת־
19 יְרוּשָׁלַםִ גִּילָה וְעַמָּהּ מָשׂוֹשׂ׃ וְגַלְתִּי בִירוּשָׁלַםִ וְשַׂשְׂתִּי
כ בְעַמִּי וְלֹא־יִשָּׁמַע בָּהּ עוֹד קוֹל בְּכִי וְקוֹל זְעָקָה׃ לֹא־
יִהְיֶה מִשָּׁם עוֹד עוּל יָמִים וְזָקֵן אֲשֶׁר לֹא־יְמַלֵּא אֶת־יָמָיו
כִּי הַנַּעַר בֶּן־מֵאָה שָׁנָה יָמוּת וְהַחוֹטֶא בֶּן־מֵאָה שָׁנָה
21 יְקֻלָּל׃ וּבָנוּ בָתִּים וְיָשָׁבוּ וְנָטְעוּ כְרָמִים וְאָכְלוּ פִּרְיָם׃
22 לֹא יִבְנוּ וְאַחֵר יֵשֵׁב לֹא יִטְּעוּ וְאַחֵר יֹאכֵל כִּי כִימֵי הָעֵץ
23 יְמֵי עַמִּי וּמַעֲשֵׂה יְדֵיהֶם יְבַלּוּ בְחִירָי׃ לֹא יִיגְעוּ לָרִיק
וְלֹא יֵלְדוּ לַבֶּהָלָה כִּי זֶרַע בְּרוּכֵי יְהוָה הֵמָּה וְצֶאֱצָאֵיהֶם
24 אִתָּם׃ וְהָיָה טֶרֶם יִקְרָאוּ וַאֲנִי אֶעֱנֶה עוֹד הֵם מְדַבְּרִים
כה וַאֲנִי אֶשְׁמָע׃ זְאֵב וְטָלֶה יִרְעוּ כְאֶחָד וְאַרְיֵה כַּבָּקָר יֹאכַל־
תֶּבֶן וְנָחָשׁ עָפָר לַחְמוֹ לֹא־יָרֵעוּ וְלֹא־יַשְׁחִיתוּ בְּכָל־הַר
קָדְשִׁי אָמַר יְהוָה׃

פון רינדער פאר מיין פאלק וואס האבען מיך געזוכט: 11 אָבער איהר זענט דיא וואס פערלאָזען דעם האר, וואס פערגעסען מיין היילינגען בארג, וואס טהוט אָנגרייטען א טיש צו גד, אונד איהר טהוט אָנפילען מיט וויין צו דעם מני: 12 דארום וועל איך אייך צעלען צו דעם שווערד, אונד איהר וועט אייך אלע צו דעם שעכטען אנידערלעגען, ווייל ווען איך האב גערופען אונד איהר האט ניט געענטפערט, איך האב גערעט אונד איהר האט ניט געהארכט, נייערט איהר האט שלעכטעס געטהון אין מיינע אויגען, אונד איהר האט אויסדערוועהלט דאס אין וועלכעם איך האב קיין געפאלען: 13 דארום, אזוי זאגט דער האר גאט, זעה, מיינע קנעכט וועלען עסען אָבער איהר וועט זיין הונגעריג, זעה, מיינע קנעכט וועלען טרינקען אָבער איהר וועט זיין דורשטיג, זעה, מיינע קנעכט וועלען זיך פרייען אָבער איהר וועט פערשעמט ווערען: 14 זעה, מיינע קנעכט וועלען זינגען וועגען א גוט הארץ, אָבער איהר וועט שרייען וועגען הארץ־וועטאג אונד וועגען א צובראכען געמיט וועט איהר שרייען (קלאגען): 15 אונד איהר וועט איבערלאזען אייער נאמען צום שווערען פאר מיינע אויסדערוועלטע; אונד דער האר גאט וועט דיך טייטען, אָבער זיינע קנעכט וועט ער אָנרופען מיט אנאנדערן נאמען: 16 אז דער וואס בענשט זיך אויף דער ערד זאל זיך בענשען אין דעם אמת׳ן גאט, אונד דער וואס שווערט אויף דער ערד זאל שווערען ביי דעם אמת׳ן גאט; ווייל דיא ערשטע צרות וועלען פערגעסען ווערען, אונד זיי וועלען פערבארגען ווערען פון מיינע אויגען: 17 וואָרין זעה, איך וועל בעשאפען נייע הימעל אונד א נייע ערד, אונד דיא ערשטע זאכען וועלען ניט דערמאנט ווערען אונד וועלען ניט אין דעם הארץ אויפגעהן: 18 נייערט איהר וועט אייך פרייען אונד פרעליך זיין אויף עביג אין דעם וואס איך וועל בעשאפען, וואָרין זעה, איך וועל בעשאפען ירושלים א פרעליכקייט אונד איהר פאלק א פרייד: 19 איך וועל פרעליך זיין אין ירושלים, אונד וועל מיך פרייען מיט מיין פאלק, אונד עס וועט אין איהר ניט מעהר געהערט ווערען א קול פון געוויין, אונד א קול פון געשריי: 20 עס וועט דארט ניט מעהר זיין א יונג קינד פון (עטליכע) טעג, אונד אפילו איין אלטער מאן וואס וועט ניט אויספילען זיינע טעג; וואָרין א יונג וועט שטארבען הונדערט יאהר אלט, אָבער א זינדיגער וואס איז הונדערט יאהר אלט וועט פערשאלטען ווערען: 21 אונד זיי וועלען בויען הייזער אונד זיי וועלען דיא בעוואוינען, אונד זיי וועלען פלאנצען וויינגערטען אונד וועלען עסען דיא פרוכט פון זיי: 22 זיי וועלען ניט בויען אז איין אנדערער זאל בעוואוינען, אונד זיי וועלען ניט פלאנצען אז איין אנדערער זאל עסען, וואָרין אזוי וויא דיא טעג פון דעם בוים אזוי וועלען זיין דיא טעג פון מיין פאלק, אונד מיינע אויסדערוועלטע וועלען (אלט ווערען) אויסניצען דיא ווערק פון זייערע הענד: 23 זיי וועלען זיך ניט בעמיהען אומזוסט, אונד וועלען ניט געווינען צו שרעקעניס; וואָרין זיי זענען דער זאמען וואס גאט האט געבענשט, אונד זייערע קינדס קינדער וועלען (אויך זיין) מיט זיי: 24 אונד עס וועט זיין איידער זיי וועלען מיך אָנרופען וועל איך ענטפערן, אונד ווען זיי וועלען נאך רעדען וועל איך עס הערען: 25 א וואָלף אונד א לעמעלע וועלען זיך צוזאמען פאשען, אונד דער לייב וועט עסען שטרוי אזוי וויא א רינד, אָבער שטויב וועט זיין דאס עסען פון דער שלאנג, זיי וועלען קיין שלעכטעס טהון אונד זיי וועלען ניט פערדארבען אין מיינעם גאנצען היילינגען בארג, זאגט דער האר:

אזוי

סו

כֹּה אָמַר יְהוָה הַשָּׁמַיִם כִּסְאִי וְהָאָרֶץ הֲדֹם רַגְלָי אֵי־זֶה א
בַיִת אֲשֶׁר תִּבְנוּ־לִי וְאֵי־זֶה מָקוֹם מְנוּחָתִי׃ וְאֶת־כָּל־אֵלֶּה 2
יָדִי עָשָׂתָה וַיִּהְיוּ כָל־אֵלֶּה נְאֻם־יְהוָה וְאֶל־זֶה אַבִּיט אֶל־
עָנִי וּנְכֵה־רוּחַ וְחָרֵד עַל־דְּבָרִי׃ שׁוֹחֵט הַשּׁוֹר מַכֵּה־אִישׁ 3
זוֹבֵחַ הַשֶּׂה עֹרֵף כֶּלֶב מַעֲלֵה מִנְחָה דַּם־חֲזִיר מַזְכִּיר
לְבֹנָה מְבָרֵךְ אָוֶן גַּם־הֵמָּה בָּחֲרוּ בְּדַרְכֵיהֶם וּבְשִׁקּוּצֵיהֶם
נַפְשָׁם חָפֵצָה׃ גַּם־אֲנִי אֶבְחַר בְּתַעֲלֻלֵיהֶם וּמְגוּרֹתָם אָבִיא 4
לָהֶם יַעַן קָרָאתִי וְאֵין עוֹנֶה דִּבַּרְתִּי וְלֹא שָׁמֵעוּ וַיַּעֲשׂוּ הָרַע
בְּעֵינַי וּבַאֲשֶׁר לֹא־חָפַצְתִּי בָּחָרוּ׃ שִׁמְעוּ דְּבַר־יְהוָה ה
הַחֲרֵדִים אֶל־דְּבָרוֹ אָמְרוּ אֲחֵיכֶם שֹׂנְאֵיכֶם מְנַדֵּיכֶם לְמַעַן
שְׁמִי יִכְבַּד יְהוָה וְנִרְאֶה בְשִׂמְחַתְכֶם וְהֵם יֵבֹשׁוּ׃ קוֹל 6
שָׁאוֹן מֵעִיר קוֹל מֵהֵיכָל קוֹל יְהוָה מְשַׁלֵּם גְּמוּל לְאֹיְבָיו׃
בְּטֶרֶם תָּחִיל יָלָדָה בְּטֶרֶם יָבוֹא חֵבֶל לָהּ וְהִמְלִיטָה 7
זָכָר׃ מִי־שָׁמַע כָּזֹאת מִי רָאָה כָּאֵלֶּה הֲיוּחַל אֶרֶץ בְּיוֹם 8
אֶחָד אִם־יִוָּלֵד גּוֹי פַּעַם אֶחָת כִּי־חָלָה גַּם־יָלְדָה צִיּוֹן אֶת־
בָּנֶיהָ׃ הַאֲנִי אַשְׁבִּיר וְלֹא אוֹלִיד יֹאמַר יְהוָה אִם־אֲנִי 9
הַמּוֹלִיד וְעָצַרְתִּי אָמַר אֱלֹהָיִךְ׃ שִׂמְחוּ אֶת־יְרוּשָׁלִַם י
וְגִילוּ בָהּ כָּל־אֹהֲבֶיהָ שִׂישׂוּ אִתָּהּ מָשׂוֹשׂ כָּל־הַמִּתְאַבְּלִים
עָלֶיהָ׃ לְמַעַן תִּינְקוּ וּשְׂבַעְתֶּם מִשֹּׁד תַּנְחֻמֶיהָ לְמַעַן תָּמֹצּוּ 11
וְהִתְעַנַּגְתֶּם מִזִּיז כְּבוֹדָהּ׃ כִּי־כֹה ׀ אָמַר יְהוָה הִנְנִי 12
נֹטֶה־אֵלֶיהָ כְּנָהָר שָׁלוֹם וּכְנַחַל שׁוֹטֵף כְּבוֹד גּוֹיִם וִינַקְתֶּם
עַל־צַד תִּנָּשֵׂאוּ וְעַל־בִּרְכַּיִם תְּשָׁעֳשָׁעוּ׃ כְּאִישׁ אֲשֶׁר אִמּוֹ 13
תְּנַחֲמֶנּוּ כֵּן אָנֹכִי אֲנַחֶמְכֶם וּבִירוּשָׁלִַם תְּנֻחָמוּ׃ וּרְאִיתֶם 14
וְשָׂשׂ לִבְּכֶם וְעַצְמוֹתֵיכֶם כַּדֶּשֶׁא תִפְרַחְנָה וְנוֹדְעָה יַד־יְהוָה
אֶת־עֲבָדָיו וְזָעַם אֶת־אֹיְבָיו׃ כִּי־הִנֵּה יְהוָה בָּאֵשׁ יָבוֹא טו
וְכַסּוּפָה מַרְכְּבֹתָיו לְהָשִׁיב בְּחֵמָה אַפּוֹ וְגַעֲרָתוֹ בְּלַהֲבֵי־

קאפיטעל סו

1 אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר, דֶער הִימֶעל אִיז
מֵיין טְרוֹין־שְׁטוּהל אוּנְד דִיא עֶרְד אִיז
מֵיינֶע פוּס־בַּאנְק, װעלְכֶעס אִיז דָאס הויז
װָאס אִיהר װִילְט מִיר בּוֹיעֶן? אוּנְד װעלְכֶעס
אִיז דֶער אָרְט פוּן מֵיינֶע רוּהֶ? 2 װָארִין
אַלֶע דִיא דָאזִיגֶע זַאכֶען הָאט מֵיינֶע הַאנְד
גֶעמַאכְט, אוּנְד אַלֶע דִיא זַאכֶען װֶענֶען גֶע־
װֶעזֶען, זָאגְט דֶער הַאר, אָבֶּער צוּ דֶעם
דָאזִיגֶען װֶעל אִיךְ קוּקֶען, צוּ דֶעם אָרֶעמֶען
מַאן, אוּנְד װָאס הָאט אַ צוּבְּרָאכֶען גֶעמִיט,
אוּנְד דֶער װָאס צִיטֶערְט פַאר מֵיין װָארְט:
3 דֶער װָאס שֶׁעכְט אֵיין אָקְס אִיז אַזוֹי װִיא
עֶר הֶעט דֶערְשְׁלָאגֶען אַ מַאן, דֶער װָאס
שֶׁעכְט אַ לֶעמֶעלֶע, אַזוֹי װִיא עֶר הֶעט אָפּ־
גֶעשְׁנִיטֶען דָאס גֶענִיק פוּן אַ הוּנְד, דֶער
װָאס בְּרֶענְגְט אוֹיךְ אַ קָרְבָּן מִנְחָה אַזוֹי װִיא
עֶר הֶעט מַקְרִיב גֶעװֶעזֶען חֲזִיר־בְּלוּט, אוּנְד
דֶער װָאס רֵייכֶערְט װֵיירוֹיךְ אִיז אַזוֹי װִיא
עֶר הֶעט גֶעבֶּענְשְׁט אוּמְרֶעכְט, זֵייא הָאבֶּען
אוֹיךְ אוֹיסְדֶערְװֶעלְט זֵיירֶע אֵיינֶענֶע װֶעגֶען,
אוּנְד אִין זֵיירֶע אוּמְװִירְדִיגְקֵייט הָאט זֵייעֶר
נֶפֶשׁ אַ פֶערְלַאנְגֶען: 4 אַזוֹי װֶעל אִיךְ אוֹיךְ
אוֹיסְדֶערְװֶעלֶען אִין זֵייעֶר גֶעשְׁפֶּעט, אוּנְד
אִיךְ װֶעל אִיבֶּער זֵייא בְּרֶענְגֶען זֵיירֶע פָארְכְט, װֵייל, װֶען אִיךְ הָאבּ גֶערוּפֶען אוּנְד עֶס הָאט
קֵיינֶער נִיט גֶעעֶנְטְפֶערְט, אִיךְ הָאבּ גֶערֶעט אוּנְד זֵייא הָאבֶּען נִיט גֶעהָארְכְט, נֵייעֶרְט זֵייא
הָאבֶּען גֶעטְהוּן שְׁלֶעכְטֶעס אִין מֵיינֶע אוֹיגֶען, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אוֹיסְדֶערְװֶעלְט דָאס אִין
װעלְכֶען אִיךְ הָאבּ קֵיין גֶעפַאלֶען: 5 הֶערְט דָאס װָארְט פוּן דֶעם הַאר, אִיהר װָאס צִיטֶערְט
פַאר זֵיין װָארְט, אֵיירֶע בְּרִידֶער װָאס הָאבֶּען אֵייךְ פֵיינְד אוּנְד װָאס פֶערְשְׁטוֹיסֶען אֵייךְ
פוּן מֵיין נָאמֶענְס װֶעגֶען, זָאגֶען, לָאז גָאט פֶערְהֶערְלִיכְט װֶערֶען, עֶר װֶעט זִיךְ בֶּעװֵייזֶען
צוּ זֵיירֶע פְרֵייד אוּנְד זֵייא װֶעלֶען פֶערְשֶׁעמְט װֶערֶען: 6 עֶס אִיז אַ שְׁטוּרְם־קוֹל פוּן דֶער
שְׁטָאט, אַ קוֹל פוּן דֶעם הֵיכָל (בֵּית הַמִקְדָשׁ), אַ קוֹל פוּן גָאט װָאס װֶעט בֶּעצָאלֶען צוּ זֵיינֶע
פֵיינְד: 7 אֵיידֶער זִיא הָאט װֵייטָאג װֶעט זִיא גֶעװִינֶען, אֵיידֶער דִיא גֶעבּוּרְטְס שְׁמֶערְצֶען
זֶענֶען גֶעקוּמֶען צוּ אִיהר הָאט זִיא גֶעבּוֹירֶען אַ זָכָר: 8 װֶער הָאט זָאלְכֶעס גֶעהֶערְט? װֶער
הָאט זָאלְכֶעס גֶעזֶעהֶען? זָאל דִיא עֶרְד גֶעװִינֶען אִין אֵיין טָאג? אָדֶער זָאל אַ פָאלְק אוֹיף
אֵיינְמָאל גֶעבּוֹירֶען װֶערֶען? װָארִין אַזוֹי גֶעשְׁװִינְד װִיא צִיוֹן הָאט גֶעהַאט װֵייטָאג הָאט זִיא
אוֹיךְ אִיהרֶע קִינְדֶער גֶעבּוֹירֶען: 9 זָאל אִיךְ בְּרֶענְגֶען צוּ דֶעם בְּרָאךְ־שְׁטוּל אוּנְד נִיט מַאכֶען
גֶעװִינֶען? זָאגְט דֶער הַאר, זָאל אִיךְ מַאכֶען גֶעװִינֶען, אוּנְד דָאךְ אֵיינְהַאלְטֶען? זָאגְט דֵיין
גָאט: 10 פְרֵייעֶט אֵייךְ מִיט יְרוּשָׁלַיִם, אוּנְד זֵייט פְרֶעלִיךְ מִיט אִיהר, אַלֶע אִיהרֶע לִיבּ־
הָאבֶּערְס, פְרֵייעֶט אֵייךְ מִיט אִיהר פַאר פְרֵייד, אַלֶע װָאס אִיהר טְרוֹיעֶרְט װֶעגֶען אִיהר:
11 כְּדֵי אִיהר זָאלְט זֵייגֶען אוּנְד אֵייךְ אָנְזֶעטִיגֶען פוּן דִיא בְּרוּסְט פוּן אִיהרֶע טְרֵייסְטוּנְג, כְּדֵי
אִיהר זָאלְט אוֹיסְזֵייגֶען אוּנְד אַ תַּעֲנוּג הָאבֶּען פוּן דֶער שֶׁענְהֵייט פוּן אִיהר כָּבוֹד: 12 װָארִין,
אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר, זֶעה אִיךְ װֶעל נֵייגֶען צוּ אִיהר שָׁלוֹם אַזוֹי װִיא אַ טֵייךְ, אוּנְד דֶער כָּבוֹד
פוּן דִיא גוֹיִם אַזוֹי װִיא אַ פֶערְפְלֵייצְטֶער טֵייךְ, אוּנְד אִיהר װֶעט זֵייגֶען, אוּנְד אִיהר װֶעט גֶע־
טְרָאגֶען װֶערֶען בֵּייא אִיהרֶע זֵייט, אוּנְד אוֹיף זֵיירֶע קְנִיעֶן װֶעט מֶען מִיט אֵייךְ שְׁפִּילֶען:
13 אַזוֹי װִיא אַ מוּטֶער אֵיינֶעם טְרֵייסְטֶעט, אַזוֹי װֶעל אִיךְ אֵייךְ טְרֵייסְטֶען, אוּנְד אִיהר װֶעט
גֶעטְרֵייסְט װֶערֶען אִין יְרוּשָׁלַיִם: 14 אוּנְד װֶען אִיהר װֶעט דָאס זֶעהֶען אַזוֹי װֶעט זִיךְ אֵייעֶר
הַארְץ פְרֵייעֶן, אוּנְד אֵיירֶע בֵּיינֶער װֶעלֶען בְּלִיהֶען װִיא גְרִין גְרָאז, אוּנְד דֶעם הַאר'ס הַאנְד
װֶעט בֶּעקַאנְט װֶערֶען אָן זֵיינֶע קְנֶעכְט, אָבֶּער זֵיין צָארְן װֶעט זֵיין אִיבֶּער זֵיינֶע פֵיינְד:
15 װָארִין, זֶעה, דֶער הַאר װֶעט קוּמֶען מִיט אַ פֵייעֶר, אוּנְד װִיא אַ שְׁטוּרְמְװִינְד זֶענֶען זֵיינֶע
רֵייטְװֶעגֶען צוּ בֶּעצָאלֶען מִיט זֵיין גְרִימְצָארְן אוּנְד אָנְצוּשְׁרֵייעֶן מִיט (זֵיינֶע) פֵייעֶר פְלַאמֶען:

16 אֵשׁ: כִּי בָאֵשׁ יְהוָה נִשְׁפָּט וּבְחַרְבּוֹ אֶת־כָּל־בָּשָׂר וְרַבּוּ
17 חַלְלֵי יְהוָה: הַמִּתְקַדְּשִׁים וְהַמִּטַּהֲרִים אֶל־הַגַּנּוֹת אַחַר
אַחַד בַּתָּוֶךְ אֹכְלֵי בְּשַׂר הַחֲזִיר וְהַשֶּׁקֶץ וְהָעַכְבָּר יַחְדָּו
18 יָסֻפוּ נְאֻם־יְהוָה: וְאָנֹכִי מַעֲשֵׂיהֶם וּמַחְשְׁבֹתֵיהֶם בָּאָה
לְקַבֵּץ אֶת־כָּל־הַגּוֹיִם וְהַלְּשֹׁנוֹת וּבָאוּ וְרָאוּ אֶת־כְּבוֹדִי:
19 וְשַׂמְתִּי בָהֶם אוֹת וְשִׁלַּחְתִּי מֵהֶם ׀ פְּלֵיטִים אֶל־הַגּוֹיִם
תַּרְשִׁישׁ פּוּל וְלוּד מֹשְׁכֵי קֶשֶׁת תֻּבַל וְיָוָן הָאִיִּים הָרְחֹקִים
אֲשֶׁר לֹא־שָׁמְעוּ אֶת־שִׁמְעִי וְלֹא־רָאוּ אֶת־כְּבוֹדִי וְהִגִּידוּ
כ אֶת־כְּבוֹדִי בַּגּוֹיִם: וְהֵבִיאוּ אֶת־כָּל־אֲחֵיכֶם ׀ מִכָּל־הַגּוֹיִם ׀
מִנְחָה ׀ לַיהוָה בַּסּוּסִים וּבָרֶכֶב וּבַצַּבִּים וּבַפְּרָדִים
וּבַכִּרְכָּרוֹת עַל הַר קָדְשִׁי יְרוּשָׁלַםִ אָמַר יְהוָה כַּאֲשֶׁר יָבִיאוּ
21 בְנֵי יִשְׂרָאֵל אֶת־הַמִּנְחָה בִּכְלִי טָהוֹר בֵּית יְהוָה: וְגַם־
22 מֵהֶם אֶקַּח לַכֹּהֲנִים לַלְוִיִּם אָמַר יְהוָה: כִּי כַאֲשֶׁר הַשָּׁמַיִם
הַחֲדָשִׁים וְהָאָרֶץ הַחֲדָשָׁה אֲשֶׁר אֲנִי עֹשֶׂה עֹמְדִים לְפָנַי
23 נְאֻם־יְהוָה כֵּן יַעֲמֹד זַרְעֲכֶם וְשִׁמְכֶם: וְהָיָה מִדֵּי־חֹדֶשׁ בְּחָדְשׁוֹ
וּמִדֵּי שַׁבָּת בְּשַׁבַּתּוֹ יָבוֹא כָל־בָּשָׂר לְהִשְׁתַּחֲוֺת לְפָנַי אָמַר
24 יְהוָה: וְיָצְאוּ וְרָאוּ בְּפִגְרֵי הָאֲנָשִׁים הַפֹּשְׁעִים בִּי כִּי תוֹלַעְתָּם
לֹא תָמוּת וְאִשָּׁם לֹא תִכְבֶּה וְהָיוּ דֵרָאוֹן לְכָל־בָּשָׂר:

והיה מדי חדש
י״ת״ק״ק סימן

## חזק ונתחזק

סכום הפסוקים של ישעיה אלף ומאתים ותשעים וחמשה. בריח
ניחח ארצה אתכם סימן. וחציו. כי אם שם אדיר יי לנו.
וסדריו. כ״ו. והיה יי למלך על כל הארץ סימן:

16 וָארִין דֶער הַאר װֶעט מִשְׁפָּט׳ן מִיט פֵייעֶר, אוּנְד אַלֶעם פְלֵיישׁ מִיט זֵיין שְׁװֶערְד, אוּנְד דִיא דֶערשְׁלָאגֶענֶע פוּן דֶעם הַאר װֶעלֶען זֵיין פִיל: 17 דִיא װָאס הֵיילִיגֶען זִיךְ אוּנְד רֵיינִיגֶען זִיךְ אִין דֶעם גָארְטֶען הִינְטֶער אֵיינֶעם (גֶעװִיסֶען בּוֹים) אִין דֶער מִיטֶען, אוּנְד עֶסֶען חֲזִיר־פְלֵיישׁ, אוּנְד אוּמְװֶערְדִיגְקֵייט אוּנְד דִיא מֹויז, זֵייא װֶעלֶען צוּזַאמֶען אֵיינְגֶעזַאמֶעלְט װֶערֶען (שְׁטַארְבֶּען) זָאגְט דֶער הַאר: 18 אָבֶּער אִיךְ (װֵיים) זֵייעֶרֶע מַעֲשִׂים אוּנְד זֵייעֶרֶע גֶעדַאנְקֶען, עֶס װֶעט קוּמֶען צוּ פֶערְזַאמְלֶען אַלֶע פֶעלְקֶער אוּנְד שְׁפְּרַאכֶען, אוּנְד זֵייא װֶעלֶען קוּמֶען אוּנְד זֶעהֶען מֵיין כָּבוֹד: 19 אוּנְד אִיךְ װֶעל מַאכֶען אַן זֵייא אַ צֵייכֶען, אוּנְד אִיךְ װֶעל שִׁיקֶען זָאלְכֶע פוּן זֵייא װָאס זֶענֶען אַנְטְרוּנֶען צוּ דִיא פֶעלְקֶער קֵיין תַּרְשִׁישׁ, פּוּל אוּנְד לוּד, דִיא בּוֹיגֶען צִיהֶערְם, תּוּבַל אוּנְד יָוָן, צוּ דִיא אִינְזֶעלְן װָאס זֶענֶען פוּן װֵייטֶען װָאס הָאבֶּען נִיט גֶעהֶערְט פוּן מֵיין שֵׁם אוּנְד װָאס הָאבֶּען נִיט גֶעזֶעהֶען פוּן מֵיין כָּבוֹד, אוּנְד זֵייא װֶעלֶען דֶערְצֶעלֶען פוּן מֵיין כָּבוֹד צְװִישֶׁען דִיא גוֹיִם: 20 אוּנְד זֵייא װֶעלֶען בְּרֶענְגֶען אַלֶע אֵייעֶרֶע בְּרִידֶער פוּן אַלֶע פֶעלְקֶער אַלְס אַ מַתָּנָה צוּ דֶעם הַאר, אוֹיף פֶערְד אוּנְד אוֹיף רֵייטְװֶעגֶען, אוּנְד אִין קָארֶעטֶעס, אוּנְד אוֹיף מוֹילְעֶזֶעל, אוּנְד אוֹיף פְלִינְקֶע קֶעמֶעל, צוּ מֵיין הֵיילִיגֶען בַּארְג קֵיין יְרוּשָׁלַיִם, זָאגְט דֶער הַאר, אַזוֹי װִיא דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל בְּרֶענְגֶען דִיא מִנְחָה אִין אַ רֵיינֶע כֵּלִי צוּ דֶעם הוֹיז פוּן דֶעם הַאר: 21 אוּנְד אוֹיךְ פוּן זֵייא װֶעל אִיךְ נֶעמֶען פַאר כֹּהֲנִים אוּנְד פַאר לְוִיִּם זָאגְט דֶער הַאר: 22 װָארִין אַזוֹי װִיא דִיא נֵייעֶ הִימֶעל אוּנְד דִיא נֵייעֶ עֶרְד װָאס אִיךְ װֶעל מַאכֶען װֶעט בֶּעשְׁטֶעהְן פָאר מִיר, זָאגְט דֶער הַאר, אַזוֹי װֶעט אֵייעֶר זָאמֶען אוּנְד אֵייעֶר נָאמֶען בֶּעשְׁטֶעהְן: 23 אוּנְד עֶס װֶעט זֵיין, אַז פוּן חֹדֶשׁ צוּ חֹדֶשׁ, אוּנְד פוּן שַׁבָּת צוּ שַׁבָּת װֶעט אַלֶעם פְלֵיישׁ קוּמֶען זִיךְ פָאר מִיר צוּ בִּיקֶען, זָאגְט דֶער הַאר: 24 אוּנְד זֵייא װֶעלֶען אַרוֹיסְגֶעהְן אוּנְד װֶעלֶען אָנְזֶעהֶען דִיא פְּגָרִים פוּן דִיא מֶענְשֶׁען װָאס הָאבֶּען קֶעגֶען מִיר מוֹרֵד גֶעװֶעזֶען, װָארִין זֵייעֶר װָארְם װֶעט נִיט שְׁטַארְבֶּען, אוּנְד זֵייעֶר פֵייעֶר װֶעט נִיט פֶערְלָאשֶׁען װֶערֶען, אוּנְד זֵייא װֶעלֶען זֵיין פַאר אַ פֶערְשֶׁעמוּנְג צוּ אַלֶעם פְלֵיישׁ:

אלע פסוקים פון דעם ספר ישעיה זענען איין טויזענד צוויא הונדערט אונד פינף אונד נײַנציג; דיא העלפט דאפון איז קאפיטעל ל"ג כ"א; אונד האט זעכס אונד זעכציג קאפיטלעך:

## חזק ונתחזק

# ירמיה

א דברי ירמיהו בן־חלקיהו מן־הכהנים אשר בענתות
2 בארץ בנימן: אשר היה דבר־יהוה אליו בימי יאשיהו
3 בן־אמון מלך יהודה בשלש־עשרה שנה למלכו: ויהי
בימי יהויקים בן־יאשיהו מלך יהודה עד־תם עשתי
עשרה שנה לצדקיהו בן־יאשיהו מלך יהודה עד־גלות
4 ירושלם בחדש החמישי: ויהי דבר־יהוה אלי
ה לאמר: בטרם אצורך בבטן ידעתיך ובטרם תצא
6 מרחם הקדשתיך נביא לגוים נתתיך: ואמר אהה
7 אדני יהוה הנה לא־ידעתי דבר כי־נער אנכי: ויאמר
יהוה אלי אל־תאמר נער אנכי כי על־כל־אשר אשלחך
8 תלך ואת כל־אשר אצוך תדבר: אל־תירא מפניהם
9 כי־אתך אני להצלך נאם־יהוה: וישלח יהוה את־ידו
ויגע על־פי ויאמר יהוה אלי הנה נתתי דברי בפיך:
י ראה הפקדתיך | היום הזה על־הגוים ועל־הממלכות
לנתוש ולנתוץ ולהאביד ולהרוס לבנות ולנטוע:
11 ויהי דבר־יהוה אלי לאמר מה־אתה ראה ירמיהו ואמר
12 מקל שקד אני ראה: ויאמר יהוה אלי היטבת לראות
13 כי־שקד אני על־דברי לעשתו: ויהי דבר־יהוה |
אלי שנית לאמר מה אתה ראה ואמר סיר נפוח אני
14 ראה ופניו מפני צפונה: ויאמר יהוה אלי מצפון תפתח

1 דיא ווערטער פון ירמיהו זוהן פון חלקיהו
פון דיא כהנים וואס זענען געוועזען אין
ענתות, אין דעם לאנד בנימן: 2 דאס
ווארט פון דעם האר איז צו איהם
געוועזען, אין דיא טעג פון יאשיהו זוהן
פון אמון, קעניג פון יהודה, אין דעם
דרייצעהנטען יאהר פון זיינע רעגירונג:
3 אונד עס איז געוועזען אין דיא טעג
פון יהויקים, זוהן פון יאשיהו, קעניג פון
יהודה, ביז צו דעם ענד פון דעם עלפ־
טען יאהר פון צדקיהו זוהן פון יאשיהו,
קעניג פון יהודה, ביז צו דיא פערטריי־
בונג פון ירושלים אין דעם פינפטען
חודש: 4 אונד דאס ווארט פון דעם
האר איז צו מיר געוועזען אזוי צו
זאגען: 5 איידער איך האב דיך
בעשאפען אין דעם בויך האב איך דיך בעשטימט, אונד איידער דוא ביזט
ארויסגעגאנגען פון דיא געבער־מוטער האב איך דיך געהייליגט, פאר א נביא
צו דיא פעלקער האב איך דיך געגעבען: 6 אונד איך האב געזאגט, א האר
גאט, זעה, איך קען ניט רעדען, ווארין איך בין נאך יונג (א קינד): 7 אונד
דער האר האט צו מיר געזאגט, דוא זאלסט ניט זאגען איך בין יונג, נייערט
איבעראל וואו איך וועל דיך שיקען זאלסט דוא געהן, אונד אלעס וואס איך
וועל דיר געביטען זאלסט דוא רעדען: 8 דוא זאלסט פאר זייא ניט מורא האבען,
ווארין איך בין מיט דיר דיך מציל צו זיין, זאגט דער האר: 9 אונד דער האר
האט אויסגעשטרעקט זיינע האנד אונד ער האט אנגעריהרט מיין מויל, אונד
דער האר האט צו מיר געזאגט, זעה, איך האב געגעבען מיין ווארט אין דיין
מויל: 10 זעה, איך האב דיך אנגעשטעלט דעם דאזיגען טאג איבער פעלקער
אונד איבער דיא קעניגרייכען, כדי אויסצווארצלען אונד צו צושטויסען, צו
פערדארבען אונד אויסצורייסען, צו בויען אונד צו פלאנצען: 11 אונד דאס
ווארט פון דעם האר איז צו מיר געוועזען אזוי צו זאגען, וואס זעהסט דוא
ירמיהו? אונד איך האב געזאגט, איך זעה א מאנדעל־בוים שטעקען: 12 אונד
דער האר האט צו מיר געזאגט, דוא האסט גוט געזעהען, ווארין איך וואך
איבער מיין ווארט עס צו טהון: 13 אונד דאס ווארט פון דעם האר איז צו
מיר געוועזען צום צווייטען מאל, אזוי צו זאגען, וואס זעהסט דוא? אונד איך
האב געזאגט, איך זעה א זידענדען טאפ, אונד זיין פנים איז פון צפון־זייט:
14 אונד דער האר האט צו מיר געזאגט, פון צפון־זייט וועט זיך עפענען דאס שלעכטע

טו הָרָעָה עַל כָּל־יֹשְׁבֵי הָאָרֶץ: כִּי ׀ הִנְנִי קֹרֵא לְכָל־
מִשְׁפְּחוֹת מַמְלְכוֹת צָפוֹנָה נְאֻם־יְהוָה וּבָאוּ וְנָתְנוּ אִישׁ
כִּסְאוֹ פֶּתַח ׀ שַׁעֲרֵי יְרוּשָׁלִַם וְעַל כָּל־חוֹמֹתֶיהָ סָבִיב וְעַל
16 כָּל־עָרֵי יְהוּדָה: וְדִבַּרְתִּי מִשְׁפָּטַי אוֹתָם עַל כָּל־רָעָתָם
אֲשֶׁר עֲזָבוּנִי וַיְקַטְּרוּ לֵאלֹהִים אֲחֵרִים וַיִּשְׁתַּחֲווּ לְמַעֲשֵׂי
17 יְדֵיהֶם: וְאַתָּה תֶּאְזֹר מָתְנֶיךָ וְקַמְתָּ וְדִבַּרְתָּ אֲלֵיהֶם אֵת
כָּל־אֲשֶׁר אָנֹכִי אֲצַוֶּךָּ אַל־תֵּחַת מִפְּנֵיהֶם פֶּן־אֲחִתְּךָ
18 לִפְנֵיהֶם: וַאֲנִי הִנֵּה נְתַתִּיךָ הַיּוֹם לְעִיר מִבְצָר וּלְעַמּוּד
בַּרְזֶל וּלְחֹמוֹת נְחֹשֶׁת עַל־כָּל־הָאָרֶץ לְמַלְכֵי יְהוּדָה לְשָׂרֶיהָ
19 לְכֹהֲנֶיהָ וּלְעַם הָאָרֶץ: וְנִלְחֲמוּ אֵלֶיךָ וְלֹא־יוּכְלוּ לָךְ כִּי־
אִתְּךָ אֲנִי נְאֻם־יְהוָה לְהַצִּילֶךָ:

## ב

2 א וַיְהִי דְבַר־יְהוָה אֵלַי לֵאמֹר: הָלֹךְ וְקָרָאתָ בְאָזְנֵי יְרוּשָׁלִַם
לֵאמֹר כֹּה אָמַר יְהוָה זָכַרְתִּי לָךְ חֶסֶד נְעוּרַיִךְ אַהֲבַת
3 כְּלוּלֹתָיִךְ לֶכְתֵּךְ אַחֲרַי בַּמִּדְבָּר בְּאֶרֶץ לֹא זְרוּעָה: קֹדֶשׁ
יִשְׂרָאֵל לַיהוָה רֵאשִׁית תְּבוּאָתֹה כָּל־אֹכְלָיו יֶאְשָׁמוּ רָעָה
4 תָּבֹא אֲלֵיהֶם נְאֻם־יְהוָה: שִׁמְעוּ דְבַר־יְהוָה בֵּית
ה יַעֲקֹב וְכָל־מִשְׁפְּחוֹת בֵּית יִשְׂרָאֵל: כֹּה ׀ אָמַר יְהוָה מַה־
מָּצְאוּ אֲבוֹתֵיכֶם בִּי עָוֶל כִּי רָחֲקוּ מֵעָלָי וַיֵּלְכוּ אַחֲרֵי
6 הַהֶבֶל וַיֶּהְבָּלוּ: וְלֹא אָמְרוּ אַיֵּה יְהוָה הַמַּעֲלֶה אֹתָנוּ מֵאֶרֶץ
מִצְרָיִם הַמּוֹלִיךְ אֹתָנוּ בַּמִּדְבָּר בְּאֶרֶץ עֲרָבָה וְשׁוּחָה
בְּאֶרֶץ צִיָּה וְצַלְמָוֶת בְּאֶרֶץ לֹא־עָבַר בָּהּ אִישׁ וְלֹא־יָשַׁב
7 אָדָם שָׁם: וָאָבִיא אֶתְכֶם אֶל־אֶרֶץ הַכַּרְמֶל לֶאֱכֹל פִּרְיָהּ
וְטוּבָהּ וַתָּבֹאוּ וַתְּטַמְּאוּ אֶת־אַרְצִי וְנַחֲלָתִי שַׂמְתֶּם לְתוֹעֵבָה:
8 הַכֹּהֲנִים לֹא אָמְרוּ אַיֵּה יְהוָה וְתֹפְשֵׂי הַתּוֹרָה לֹא יְדָעוּנִי
וְהָרֹעִים פָּשְׁעוּ בִי וְהַנְּבִיאִים נִבְּאוּ בַבַּעַל וְאַחֲרֵי לֹא־
9 יוֹעִלוּ הָלָכוּ: לָכֵן עֹד אָרִיב אִתְּכֶם נְאֻם־יְהוָה וְאֶת־בְּנֵי

איבער אַלע איינוואוינער פון דעם לאַנד: 15 וואָרין זעה, איך רוף צו אַלע מִשְׁפָּחוֹת פון די קעניגרייכע פון צָפוֹן־זייט זאָגט דער האר, אונד זיי וועלען קומען, אונד איטליכער מאַן וועט געבען זיין שטוהל פאַר די טיער פון די טויערן פון יְרוּשָׁלַיִם, אונד איבער אַלע איהרע מויערן רינגס ארום, אונד איבער אַלע שטעט פון יְהוּדָה: 16 אונד איך וועל רעדען מיינע מִשְׁפָּטִים מיט זיי איבער זייער גאַנצעס שלעכטעס, ווייל זיי האָבען מיך פערלאָזט, אונד זיי האָבען גערייכערט צו פרעמדע אָפּגעטער, אונד זיי האָבען זיך געבוקט צו די ווערק פון זייערע אייגענע הענד: 17 אונד דו זאָלסט אנגאַרטעלן דיינע לענדען, אונד דו זאָלסט אויפשטעהן, אונד דו זאָלסט צו זיי רעדען אַלעס וואָס איך וועל דיר געביטען, דו זאָלסט דיך פאָר זיי ניט שרעקען, אַז איך זאָל דיך ניט פאָר זיי צוברעכען: 18 זעה, איך האָב דיך היינט געגעבען צו אַ פעסטע שטאָט, אונד צו איינע אייזערנע זייל, אונד צו אַ קופּערנע מויער איבער דעם גאַנצען לאַנד, איבער די קעניגע פון יְהוּדָה, אונד איבער איהרע פירשטען, איבער איהרע כֹּהֲנִים אונד איבער דעם פאָלק פון דעם לאַנד: 19 אונד זיי וועלען קעגען דיר מִלְחָמָה האַלטען, אָבער זיי וועלען דיך ניט בייקומען, וואָרין איך בין מיט דיר זאָגט דער האר, דיך מַצִּיל צו זיין:

## קאפיטעל ב

1 אונד דאָס וואָרט פון דעם האַר איז צו מיר געוועזען אַזוי צו זאָגען: 2 געה אונד דו זאָלסט אויסרופען אין די אויערן פון יְרוּשָׁלַיִם אַזוי צו זאָגען, אַזוי זאָגט דער האַר, איך געדענק צו דיר דעם חֶסֶד פון דיינע יוגענד, די ליבע פון דיינע כַּלָּה־שאַפט, ווען דו ביסט מיר נאָכגעגאַנגען אין דער מִדְבָּר, אין אַ לאַנד וואָס איז ניט געוועזען געזייעט: 3 יִשְׂרָאֵל איז הייליג צו דעם האַר, דאָס ערשטע פון זיינע תְּבוּאָה, אַלע וואָס עסען איהם וועלען שולדיג זיין, עס וועט איבער זיי קומען שלעכטעס, זאָגט דער האַר: 4 הערט דאָס וואָרט פון דעם האַר איהר הויזגעזינד פון יַעֲקֹב, אונד אַלע מִשְׁפָּחוֹת פון דעם הויזגעזינד פון יִשְׂרָאֵל: 5 אַזוי זאָגט דער האַר, וואָס פאַר איין אומרעכט האָבען אייערע עלטערן אין מיר געפונען, דאָס זיי האָבען זיך פון מיר דערווייטערט, אונד זיי זענען נאָכגעגאַנגען די נאַרישקייטען (הֶבֶל), אונד זיי האָבען זיך בענאַרישט: 6 אונד זיי האָבען ניט געזאָגט, אַוואו איז דער האַר וואָס האָט אונס אַרויסגעבראַכט אויס דעם לאַנד מִצְרַיִם? וואָס האָט אונס געפיהרט אין דער מִדְבָּר, אין אַ לאַנד וואָס איז וויסט (אונפרוכטבאַר) אונד גריבער, אין אַ טרוקען לאַנד, אונד שאָטען פון טויט, אַ לאַנד וואָס קיין מאַן איז אין איהר דורכגעגאַנגען אונד קיין מענש האָט דאָרט ניט געוואוינט: 7 אונד איך האָב אייך געבראַכט צו דעם פרוכטבאַרען לאַנד, כְּדֵי צו עסען איהרע פרוכט אונד איהר גוטעס, אָבער איהר זענט געקומען אונד האָט פעראומרייניגט מיין לאַנד, אונד מיינע נַחֲלָה האָט איהר אומווירדיג געמאַכט: 8 די כֹּהֲנִים האָבען ניט געזאָגט, וואו איז דער האַר? אונד די וואָס האַלטען די תּוֹרָה האָבען מיך ניט דערקענט, אונד די פאַסטוכער האָבען קעגען מיר ווידערגעשפעניגט, אונד די נְבִיאִים האָבען נְבִיאוֹת געזאָגט דורך בַּעַל, אונד נאָך דעם וואָס קען זיי ניט העלפען זענען זיי נאָכגעגאַנגען: 9 דאַרום וועל איך מיך נאָך מיט אייך קריגען זאָגט דער האַר,

אונד

וְהָאָבוֹת מְבַעֲרִים אֶת־הָאֵשׁ וְהַנָּשִׁים לָשׁוֹת בָּצֵק לַעֲשׂוֹת
כַּוָּנִים לִמְלֶכֶת הַשָּׁמַיִם וְהַסֵּךְ נְסָכִים לֵאלֹהִים אֲחֵרִים
19 לְמַעַן הַכְעִסֵנִי׃ הַאֹתִי הֵם מַכְעִסִים נְאֻם־יְהוָה הֲלוֹא
כ אֹתָם לְמַעַן בֹּשֶׁת פְּנֵיהֶם׃ לָכֵן כֹּה־אָמַר ׀ אֲדֹנָי
יְהוִה הִנֵּה אַפִּי וַחֲמָתִי נִתֶּכֶת אֶל־הַמָּקוֹם הַזֶּה עַל־הָאָדָם
וְעַל־הַבְּהֵמָה וְעַל־עֵץ הַשָּׂדֶה וְעַל־פְּרִי הָאֲדָמָה וּבָעֲרָה
21 וְלֹא תִכְבֶּה׃ כֹּה אָמַר יְהוָה צְבָאוֹת אֱלֹהֵי יִשְׂרָאֵל
22 עֹלוֹתֵיכֶם סְפוּ עַל־זִבְחֵיכֶם וְאִכְלוּ בָשָׂר׃ כִּי לֹא־דִבַּרְתִּי
אֶת־אֲבוֹתֵיכֶם וְלֹא צִוִּיתִים בְּיוֹם הוֹצִיאָ אוֹתָם מֵאֶרֶץ
23 מִצְרָיִם עַל־דִּבְרֵי עוֹלָה וָזָבַח׃ כִּי אִם־אֶת־הַדָּבָר הַזֶּה
צִוִּיתִי אוֹתָם לֵאמֹר שִׁמְעוּ בְקוֹלִי וְהָיִיתִי לָכֶם לֵאלֹהִים
וְאַתֶּם תִּהְיוּ־לִי לְעָם וַהֲלַכְתֶּם בְּכָל־הַדֶּרֶךְ אֲשֶׁר אֲצַוֶּה
24 אֶתְכֶם לְמַעַן יִיטַב לָכֶם׃ וְלֹא שָׁמְעוּ וְלֹא־הִטּוּ אֶת־אָזְנָם
וַיֵּלְכוּ בְּמֹעֵצוֹת בִּשְׁרִרוּת לִבָּם הָרָע וַיִּהְיוּ לְאָחוֹר וְלֹא
כה לְפָנִים׃ לְמִן־הַיּוֹם אֲשֶׁר יָצְאוּ אֲבוֹתֵיכֶם מֵאֶרֶץ מִצְרַיִם
עַד הַיּוֹם הַזֶּה וָאֶשְׁלַח אֲלֵיכֶם אֶת־כָּל־עֲבָדַי הַנְּבִיאִים
26 יוֹם הַשְׁכֵּם וְשָׁלֹחַ׃ וְלוֹא שָׁמְעוּ אֵלַי וְלֹא הִטּוּ אֶת־אָזְנָם
27 וַיַּקְשׁוּ אֶת־עָרְפָּם הֵרֵעוּ מֵאֲבוֹתָם׃ וְדִבַּרְתָּ אֲלֵיהֶם אֶת־
כָּל־הַדְּבָרִים הָאֵלֶּה וְלֹא יִשְׁמְעוּ אֵלֶיךָ וְקָרָאתָ אֲלֵיהֶם
28 וְלֹא יַעֲנוּכָה׃ וְאָמַרְתָּ אֲלֵיהֶם זֶה הַגּוֹי אֲשֶׁר לוֹא־שָׁמְעוּ
בְּקוֹל יְהוָה אֱלֹהָיו וְלֹא לָקְחוּ מוּסָר אָבְדָה הָאֱמוּנָה
29 וְנִכְרְתָה מִפִּיהֶם׃ גָּזִּי נִזְרֵךְ וְהַשְׁלִיכִי וּשְׂאִי עַל־
ל שְׁפָיִם קִינָה כִּי מָאַס יְהוָה וַיִּטֹּשׁ אֶת־דּוֹר עֶבְרָתוֹ׃ כִּי־
עָשׂוּ בְנֵי־יְהוּדָה הָרַע בְּעֵינַי נְאֻם־יְהוָה שָׂמוּ שִׁקּוּצֵיהֶם
31 בַּבַּיִת אֲשֶׁר־נִקְרָא־שְׁמִי־עָלָיו לְטַמְּאוֹ׃ וּבָנוּ בָּמוֹת הַתֹּפֶת
אֲשֶׁר בְּגֵיא בֶן־הִנֹּם לִשְׂרֹף אֶת־בְּנֵיהֶם וְאֶת־בְּנֹתֵיהֶם בָּאֵשׁ
32 אֲשֶׁר לֹא צִוִּיתִי וְלֹא עָלְתָה עַל־לִבִּי׃ לָכֵן הִנֵּה־יָמִים

קלויבען האלץ אונד דיא עלטערן צינדען אן דאס פייער, אונד דיא ווייבער קנעטען דאס טייג, צו מאכען קוכען פאר דיא הערשאפטען פון דעם הימעל, אונד גיסען טרינק־אפפער פאר אנדערע געטער, כדי מיך צו דערצערנען: 19 אבער טהון זיא מיך דען דערצערנען, זאגט דער האר? פארוואהר, זיא טהון זיך זעלבסט פערשעמען, זייער אייגען פנים? 20 דארום אזוי זאגט דער האר, זעה מיין צארן אונד מיין גרימצארן איז אויסגעגאסען קעגען דעם דאזיגען ארט, איבער דיא מענשען אונד איבער דיא בהמות, איבער דיא ביימער פון דעם פעלד אונד איבער דיא פרוכט פון דער ערד, וואָרין עס ווערט ברענען אבער עס וועט ניט פערלאשען ווערען; 21 אזוי זאגט דער האר צבאות, דער גאט פון ישראל, איהר זאלט מעהרען אייערע בראנד־אפפער איבער אייערע שלאכט־אפפער אונד עסט דאס פלייש: 22 וואָרין איך האב ניט גערעט מיט אייערע עלטערן אונד איך האב זיא ניט געבאטען אין דעם טאג ווען איך האב זיא ארויסגעפיהרט אויס דעם לאנד מצרים, וועגען בראנד־אפפער אונד שלאכט־אפפער: 23 נייערט דאס דאזיגע ווארט האב איך זייא געבאטען אזוי צו זאגען, הערט צו מיין קול, אזוי וועל איך צו אייך זיין פאר א גאט אונד איהר וועט צו מיר זיין צו א פאלק, אונד איהר וועט געהן אין גאנצען וועג וואס איך וועל אייך געביטען אז עס זאל אייך גוט זיין: 24 אבער זייא האבען ניט געהערט אונד האבען אויך ניט גענייגט זייערע אויערן, אונד זייא זענען נאכגעגאנגען זייערע עצות, אין דער הארטיגקייט פון זייערע שלעכטע הערצער, אונד זייא זענען געווארען צו דעם ריקען אונד ניט צו דעם פנים: 25 פון דעם טאג אן וואס זייערע עלטערן זענען ארויסגעגאנגען אויס דעם לאנד מצרים, ביז צו דעם דאזיגען טאג, האב איך צו אייך געשיקט אלע מיינע קנעכט דיא נביאים, טעגליך, פריה־מארגען, האב איך געשיקט: 26 אבער זייא האבען מיך ניט געהערט, אונד זייא האבען ניט גענייגט זייערע אויערן, אונד זייא האבען הארט געמאכט זייער נאקען, זייא זענען ערגער וויא זייערע עלטערן: 27 אונד ווען דוא וועסט צו זייא רעדען אלע דיא דאזיגע ווערטער, אזוי וועלען זייא דיך דאך ניט הערען, אונד ווען דוא וועסט זייא רופען, אזוי וועלען זייא דיר ניט ענטפערן: 28 אזוי זאלסט דוא צו זייא זאגען, דאס איז דאס פאלק וואס האבען ניט געהערט צו דעם קול פון דעם האר זייער גאט, אונד זייא האבען זיך ניט גענומען קיין מוסר, עס איז פערלוירען געווארען דיא אמונה (גלויבען), אונד עס איז אפגעשניטען פון זייער מויל: 29 שעער אפ דיינע קרוין (דיא האר פון דיין קאפ) אונד ווארף עס אוועק, אונד העב אויף אויף דיא הויכע בערג א טרויריגע קלאג, וואָרין דער האר האט פערהאסט אונד ער האט פערלאזט דאס דור פון זיין צארן: 30 וואָרין דיא קינדער פון יהודה האבען געטהון דאס וואס איז שלעכט אין מיינע אויגען, זאגט דער האר, זייא האבען אריינגעשטעלט זייערע אומווירדיגקייטען אין דעם הויז וואס מיין נאמען איז דארויף גערופען, כדי עס צו פעראומריינגען: 31 אונד זייא האבען געבויט דיא במות אין תופת, וואס זענען אין דעם טאהל פון בן־הנום, כדי זייערע זיהן אונד זייערע טעכטער צו פערברענען אין דעם פייער, וואס איך האב ניט געבאטען, אונד עס איז אויף מיין הארץ (זין) ניט אויפגעגאנגען: 32 דארום זעה, עס וועלען קומען טעג,

בָּאִים נְאֻם־יְהוָה וְלֹא־יֵאָמֵר עוֹד הַתֹּפֶת וְגֵיא בֶן־הִנֹּם
33 כִּי אִם־גֵּיא הַהֲרֵגָה וְקָבְרוּ בְתֹפֶת מֵאֵין מָקוֹם׃ וְהָיְתָה
נִבְלַת הָעָם הַזֶּה לְמַאֲכָל לְעוֹף הַשָּׁמַיִם וּלְבֶהֱמַת הָאָרֶץ
34 וְאֵין מַחֲרִיד׃ וְהִשְׁבַּתִּי ׀ מֵעָרֵי יְהוּדָה וּמֵחֻצוֹת יְרוּשָׁלִַם
קוֹל שָׂשׂוֹן וְקוֹל שִׂמְחָה קוֹל חָתָן וְקוֹל כַּלָּה כִּי לְחָרְבָּה
תִּהְיֶה הָאָרֶץ׃

## ח ח

א בָּעֵת הַהִיא נְאֻם־יְהוָה וְיוֹצִיאוּ אֶת־עַצְמוֹת מַלְכֵי־יְהוּדָה
וְאֶת־עַצְמוֹת שָׂרָיו וְאֶת־עַצְמוֹת הַכֹּהֲנִים וְאֵת ׀ עַצְמוֹת
2 הַנְּבִיאִים וְאֵת עַצְמוֹת יוֹשְׁבֵי־יְרוּשָׁלִָם מִקִּבְרֵיהֶם׃ וּשְׁטָחוּם
לַשֶּׁמֶשׁ וְלַיָּרֵחַ וּלְכֹל ׀ צְבָא הַשָּׁמַיִם אֲשֶׁר אֲהֵבוּם וַאֲשֶׁר
עֲבָדוּם וַאֲשֶׁר הָלְכוּ אַחֲרֵיהֶם וַאֲשֶׁר דְּרָשׁוּם וַאֲשֶׁר
הִשְׁתַּחֲווּ לָהֶם לֹא יֵאָסְפוּ וְלֹא יִקָּבֵרוּ לְדֹמֶן עַל־פְּנֵי הָאֲדָמָה
3 יִהְיוּ׃ וְנִבְחַר מָוֶת מֵחַיִּים לְכֹל הַשְּׁאֵרִית הַנִּשְׁאָרִים מִן־
הַמִּשְׁפָּחָה הָרָעָה הַזֹּאת בְּכָל־הַמְּקֹמוֹת הַנִּשְׁאָרִים אֲשֶׁר
4 הִדַּחְתִּים שָׁם נְאֻם יְהוָה צְבָאוֹת׃ וְאָמַרְתָּ אֲלֵיהֶם כֹּה
ה אָמַר יְהוָה הֲיִפְּלוּ וְלֹא יָקוּמוּ אִם־יָשׁוּב וְלֹא יָשׁוּב׃ מַדּוּעַ
שׁוֹבְבָה הָעָם הַזֶּה יְרוּשָׁלִַם מְשֻׁבָה נִצַּחַת הֶחֱזִיקוּ בַּתַּרְמִית
6 מֵאֲנוּ לָשׁוּב׃ הִקְשַׁבְתִּי וָאֶשְׁמָע לוֹא־כֵן יְדַבֵּרוּ אֵין אִישׁ
נִחָם עַל־רָעָתוֹ לֵאמֹר מֶה עָשִׂיתִי כֻּלֹּה שָׁב בִּמְרֻצוֹתָם
7 כְּסוּס שׁוֹטֵף בַּמִּלְחָמָה׃ גַּם־חֲסִידָה בַשָּׁמַיִם יָדְעָה
מוֹעֲדֶיהָ וְתוֹר וְסוּס וְעָגוּר שָׁמְרוּ אֶת־עֵת בֹּאָנָה וְעַמִּי
8 לֹא יָדְעוּ אֵת מִשְׁפַּט יְהוָה׃ אֵיכָה תֹאמְרוּ חֲכָמִים אֲנַחְנוּ
וְתוֹרַת יְהוָה אִתָּנוּ אָכֵן הִנֵּה לַשֶּׁקֶר עָשָׂה עֵט שֶׁקֶר
9 סֹפְרִים׃ הֹבִשׁוּ חֲכָמִים חַתּוּ וַיִּלָּכֵדוּ הִנֵּה בִדְבַר־יְהוָה
י מָאָסוּ וְחָכְמַת־מֶה לָהֶם׃ לָכֵן אֶתֵּן אֶת־נְשֵׁיהֶם לַאֲחֵרִים
שְׂדוֹתֵיהֶם לְיוֹרְשִׁים כִּי מִקָּטֹן וְעַד־גָּדוֹל כֻּלֹּה בֹּצֵעַ בָּצַע

זאָגט דער האַר, דאָס מען וועט ניט מעהר זאָגען, דער תּוֹפֶת אונד דאָס טהאָל פון בֶּן־הִנוֹם, נייערט דאָס טהאָל פון דיא דערשלאָגענע, אונד מען וועט זייא בעגראָבען אין תּוֹפֶת ווייל עס וועט ניט מעהר זיין קיין אָרט: 33 אונד דיא טויטע קערפער פון דעם דאָזיגען פאָלק וועלען זיין צו עסען פאַר דיא פעגעל פון דעם הימעל, אונד פאַר דיא בְּהֵמוֹת פון דעם לאַנד, אונד קיינער וועט זייא ניט דערשרעקען: 34 אונד איך וועל צושטערען פון דיא שטעט פון יְהוּדָה אונד פון דיא גאַסען פון יְרוּשָׁלַיִם, אַ קוֹל פון פרייד אונד אַ קוֹל פון שִׂמְחָה, דאָס קוֹל פון דעם חָתָן אונד דאָס קוֹל פון דער כַּלָּה, וואָרין דאָס לאַנד וועט זיין צו אַ פערוויסטונג:

## קאפיטעל ח

1 אין יענער צייט, זאָגט דער האַר, וועלען זייא אַרויסנעמען דיא ביינער פון דיא קעניגע פון יְהוּדָה, אונד דיא ביינער פון זיירע עלצטע, אונד דיא ביינער פון דיא כֹּהֲנִים, אונד דיא ביינער פון דיא נְבִיאִים, אונד דיא ביינער פון דיא איינוואוינער פון יְרוּשָׁלַיִם פון זיירע קְבָרִים: 2 אונד זייא וועלען זייא אויסשפרייטען פאַר דיא זון אונד פאַר דיא לְבָנָה, אונד פאַר אַלע הערשאַפטען פון דעם הימעל וואָס זייא האָבען ליעב געהאַט, אונד וואָס זייא האָבען געדינט, אונד וואָס זייא זענען נאָכגעגאַנגען, אונד נאָך וועלכע זייא האָבען געפאָרשט, אונד פאַר וועלכע זייא האָבען זיך געבוקט, זייא וועלען ניט מעהר פערזאַמעלט ווערען אונד ניט בעגראָבען ווערען, זייא וועלען זיין וויא מיסט אויף דער ערד: 3 אונד דער טויט וועט אויסדערוועהלט ווערען מעהר וויא דאָס לעבען, צו דער גאַנצער איבערבלייבונג פון דיא איבערגעבליבענע, פון דיא דאָזיגע שלעכטע מִשְׁפָּחָה, אין אַלע ערטער פון דיא איבערגעבליבענע וואו איך האָב זייא דאָרט פערשטויסען, זאָגט דער האַר צְבָאוֹת: 4 אונד דוא זאָלסט צו זייא זאָגען, אַזוֹי זאָגט דער האַר, וועלען זייא דען פאַלען אונד וועלען זיך ניט אויפשטעלען? אָדער ווען ער קעהרט זיך אַוועק, וועט ער זיך דען ניט צוריקקעהרען? 5 פאַרוואָס מאַכט זיך דאָס דאָזיגע פאָלק (אונד) יְרוּשָׁלַיִם אָפּגעקעהרט מיט איינע עביגע אָפּקעהרונג? זייא האַלטען זיך אָן אין פאַלשקייט, אונד ווילען ניט צוריקקעהרען? 6 איך האָב פערנומען אונד איך האָב געהערט, דאָס זייא רעדען ניט רעכט, עס איז ניט דאָ איין מאַן וואָס האָט חֲרָטָה אויף זיין שלעכטעס, אַזוֹי צו זאָגען, וואָס האָב איך געטהון? זייא האָבען אַלע אָפּגעקעהרט, אונד זייא לויפען וויא אַ ווילד רייסענדעס פערד אין דער מִלְחָמָה: 7 אויך דיא שטאָרך אין דעם הימעל ווייסט איהרע בעשטימטע צייטען, אונד דיא טורטעל־טויב אונד דיא שוואַלב אונד דער קראַניך וואַרטען אָפּ דיא צייט פון זייער קומען, אָבער מיין פאָלק ווייסט ניט דאָס מִשְׁפָּט פון דעם האַר: 8 וויא אַזוֹי זאָגט איהר מיר זענען קלוג, אונד דיא תּוֹרָה פון דעם האַר איז ביי אונס, פאַרוואָהר, זעה, צו פאַלשקייט האָט עס דיא פאַלשע פעדער פון דעם שרייבער געמאַכט: 9 עס זענען פערשעמט געוואָרען דיא קלוגע, זייא זענען דערשראָקען אונד בעצוואונגען געוואָרען, זעה, ווייל זייא האָבען פעראומווירדיגט דאָס וואָרט פון דעם האַר, אונד וואָס פאַר אַ קלוגשאַפט איז ביי זייא? 10 דאָרום וועל איך געבען זיירע ווייבער צו אַנדערע, זיירע פעלדער צו יוֹרְשִׁים, וואָרין פון דעם קלענסטען ביז צו דעם גרעסטען

מִנָּבִיא וְעַד־כֹּהֵן כֻּלֹּה עֹשֶׂה שָּׁקֶר׃ וַיְרַפּוּ אֶת־שֶׁבֶר בַּת־ 11
עַמִּי עַל־נְקַלָּה לֵאמֹר שָׁלוֹם ׀ שָׁלוֹם וְאֵין שָׁלוֹם׃ הֹבִשׁוּ 12
כִּי תוֹעֵבָה עָשׂוּ גַּם־בּוֹשׁ לֹא־יֵבֹשׁוּ וְהִכָּלֵם לֹא יָדָעוּ לָכֵן
יִפְּלוּ בַנֹּפְלִים בְּעֵת פְּקֻדָּתָם יִכָּשְׁלוּ אָמַר יְהוָה׃
אָסֹף אֲסִיפֵם נְאֻם־יְהוָה אֵין עֲנָבִים בַּגֶּפֶן וְאֵין תְּאֵנִים 13
בַּתְּאֵנָה וְהֶעָלֶה נָבֵל וָאֶתֵּן לָהֶם יַעַבְרוּם׃ עַל־מָה אֲנַחְנוּ 14
יֹשְׁבִים הֵאָסְפוּ וְנָבוֹא אֶל־עָרֵי הַמִּבְצָר וְנִדְּמָה־שָּׁם כִּי יְהוָה
אֱלֹהֵינוּ הֲדִמָּנוּ וַיַּשְׁקֵנוּ מֵי־רֹאשׁ כִּי חָטָאנוּ לַיהוָה׃ קַוֵּה טו
לְשָׁלוֹם וְאֵין טוֹב לְעֵת מַרְפֵּה וְהִנֵּה בְעָתָה׃ מִדָּן נִשְׁמַע 16
נַחְרַת סוּסָיו מִקּוֹל מִצְהֲלוֹת אַבִּירָיו רָעֲשָׁה כָּל־הָאָרֶץ
וַיָּבוֹאוּ וַיֹּאכְלוּ אֶרֶץ וּמְלוֹאָהּ עִיר וְיֹשְׁבֵי בָהּ׃ כִּי הִנְנִי מְשַׁלֵּחַ 17
בָּכֶם נְחָשִׁים צִפְעֹנִים אֲשֶׁר אֵין־לָהֶם לָחַשׁ וְנִשְּׁכוּ אֶתְכֶם
נְאֻם־יְהוָה׃ מַבְלִיגִיתִי עֲלֵי יָגוֹן עָלַי לִבִּי דַוָּי׃ הִנֵּה־ 18 19
קוֹל שַׁוְעַת בַּת־עַמִּי מֵאֶרֶץ מַרְחַקִּים הַיהוָה אֵין בְּצִיּוֹן אִם־
מַלְכָּהּ אֵין בָּהּ מַדּוּעַ הִכְעִסוּנִי בִּפְסִלֵיהֶם בְּהַבְלֵי נֵכָר׃
עָבַר קָצִיר כָּלָה קָיִץ וַאֲנַחְנוּ לוֹא נוֹשָׁעְנוּ׃ עַל־שֶׁבֶר בַּת־ כ 21
עַמִּי הָשְׁבָּרְתִּי קָדַרְתִּי שַׁמָּה הֶחֱזִקָתְנִי׃ הַצֳרִי אֵין בְּגִלְעָד 22
אִם־רֹפֵא אֵין שָׁם כִּי מַדּוּעַ לֹא עָלְתָה אֲרֻכַת בַּת־עַמִּי׃
מִי־יִתֵּן רֹאשִׁי מַיִם וְעֵינִי מְקוֹר דִּמְעָה וְאֶבְכֶּה יוֹמָם וָלַיְלָה 23
אֵת חַלְלֵי בַת־עַמִּי׃

ט ט

מִי־יִתְּנֵנִי בַמִּדְבָּר מְלוֹן אֹרְחִים וְאֶעֶזְבָה אֶת־עַמִּי וְאֵלְכָה א
מֵאִתָּם כִּי כֻלָּם מְנָאֲפִים עֲצֶרֶת בֹּגְדִים׃ וַיַּדְרְכוּ אֶת־ 2
לְשׁוֹנָם קַשְׁתָּם שֶׁקֶר וְלֹא לֶאֱמוּנָה גָּבְרוּ בָאָרֶץ כִּי מֵרָעָה
אֶל־רָעָה ׀ יָצָאוּ וְאֹתִי לֹא־יָדָעוּ נְאֻם־יְהוָה׃ אִישׁ 3
מֵרֵעֵהוּ הִשָּׁמֵרוּ וְעַל־כָּל־אָח אַל־תִּבְטָחוּ כִּי כָל־אָח עָקוֹב

געהען אלע נאך געווין (געלד), פון דעם נביא ביז צו דעם כהן טהון זייא אלע פאלש: 11 אונד זייא הײלען היילען דעם בראך פון דיא טאכטער פון מיין פאלק מיט א גרינגע זאך אזוי צו זאגען, שלום שלום, אבער עס איז ניט דא קיין שלום: 12 זייא זענען פערשעמט געווארען, וואריין זייא האבען געטהון אומווירדיגקייט, זייא שעמען זיך אויך ניט אונד ווילען ניט וויסען פון שאנד, דארום וועלען זייא פאלען אונטער דיא געפאלענע, אין דער צייט פון זיירע שטראף וועלען זייא געשטרויכעלט ווערען, זאגט דער האר: 13 איך וועל זייא געוויס אפטהון זאגט דער האר, עס איז ניט דא קיינע וויינטרויבען אין דעם ווייגשטאק, אונד קיינע פייגען אין דעם פייגענבוים, אונד דיא בלעטער זענען פערוועלקט, אונד איך וועל צו זייא געבען (זאלכע) וואס וועלען זייא אוועקפיהרען: 14 וועגען וואס בלייבען מיר זיצען? פערזאמעלט אייך דאס מיר זאלען אריינקומען אין דיא פעסטע שטעט, אונד מיר וועלען דארט שטיל ווערען, ווארין דער האר אונזער גאט האט אונס שטיל געמאכט אונד ער האט אונס אנגעטרונקען מיט גאל־וואסער, ווארין מיר האבען געזינדיגט קעגען דעם האר: 15 מען האט געהאפט אויף שלום, אבער עס איז קיין גוטעס—אויף א צייט פון היילונג, אונד זעה, עס איז א שרעק: 16 פון דן ווערט געהערט דיא ברימונג פון זיינע פערד, פון דעם געשרייא פון דער ברימונג פון זיינע שטארקע פערד, ציטערט דיא גאנצע ערד, אונד זייא וועלען קומען אונד וועלען אויפפרעסען דאס גאנצע לאנד אונד איהרע פולהייט, דיא שטאט אונד איהרע איינוואוינער: 17 ווארין זעה, איך שיק אן אויף אייך שלאנגען, וועלכע האבען ניט קיינע בעשווערונג, אונד זייא וועלען אייך בייסען, זאגט דער האר: 18 איך שטארק מיך איבער דעם טרויער, אבער מיין הארץ טהוט מיר וועה! 19 זעה, מען הערט דאס קול פון דעם געשרייא פון דיא טאכטער פון מיין פאלק אויס דעם ווייטען לאנד, איז דען ניט דא דער האר אין ציון, אדער איז איהר קעניג ניט אין איהר? פארוואס האבען זייא מיך דערצארנט מיט זיירע געצענבילדער דורך דיא נארישקייטען פון דיא פרעמדע? 20 דיא שניט־צייט איז פעראיבערגעגאנגען, דער זומער האט זיך געענדיגט, אבער מיר זענען ניט געהאלפען געווארען: 21 וועגען דעם בראך פון דיא טאכטער פון מיין פאלק בין איך צובראכען געווארען, איך בין פערשווארצט. א פערוואונדערונג האט מיך אנגעהאפט: 22 איז דען קיין באלזאם ניט דא אין גלעד? אדער איז קיין רופא דארט ניט דא? ווארום איז דען ניט ארויפ־געבראכט קיינע היילונג צו דער טאכטער פון מיין פאלק? 23 ווער וואלט געבען אז מיין קאפ זאל זיין (פול מיט) וואסער, אונד מיינע אויגען א קוואל פון טרערען, אזוי וואלט איך געוויינט טאג אונד נאכט, איבער דיא דערשלאגענע פון דיא טאכטער פון מיין פאלק!

קאפיטעל ט

1 ווער וואלט מיר געבען אין דער מדבר א נאכטלעגער פון וואנדערער! אזוי וואלט איך מיין פאלק פערלאזט אונד וואלט פון זייא אוועקגעגאנגען, ווארין זייא זענען אלע הורער (זנות טרייבער), א פערזאמלונג פון פאלשע: 2 אונד זייא שפאנען אוים זיירע צונג וויא זייער בויגען פון פאלשקייט, אונד צו טרייהייט זענען זייא ניט מעכטיג אין דעם לאנד גייערט זייא זענען ארויסגעגאנגען פון שלעכטעס צו שלעכטעס, אונד מיך קענען זייא ניט, זאגט דער האר: 3 איטליכער זאל זיך היטען פאר זיין פריינד, אונד אויף קיין ברודער זאלט איהר אייך ניט פערטרויען; ווארין איטליכער ברודער איז פאלש (ליסטיג), אונד

4 יעקב וכל־רע רכיל יהלך: ואיש ברעהו יהתלו ואמת
ה לא ידברו למדו לשונם דבר־שקר העוה נלאו: שבתך
בתוך מרמה במרמה מאנו דעת־אותי נאם־יהוה:
6 לכן כה אמר יהוה צבאות הנני צורפם ובחנתים כי־
7 איך אעשה מפני בת־עמי: חץ שוחט לשונם מרמה
דבר בפיו שלום את־רעהו ידבר ובקרבו ישים ארבו:
8 העל־אלה לא־אפקד־בם נאם־יהוה אם־בגוי אשר כזה
9 לא תתנקם נפשי: על־ההרים אשא בכי ונהי ועל־
נאות מדבר קינה כי נצתו מבלי־איש עובר ולא שמעו
י קול מקנה מעוף השמים ועד־בהמה נדדו הלכו: ונתתי
את־ירושלם לגלים מעון תנים ואת־ערי יהודה אתן
11 שממה מבלי יושב: מי־האיש החכם ויבן את־
זאת ואשר דבר פי־יהוה אליו ויגדה על־מה אבדה הארץ
12 נצתה כמדבר מבלי עבר: ויאמר יהוה על־עזבם
את־תורתי אשר נתתי לפניהם ולא־שמעו בקולי ולא־
13 הלכו בה: וילכו אחרי שררות לבם ואחרי הבעלים
14 אשר למדום אבותם: לכן כה־אמר יהוה צבאות
אלהי ישראל הנני מאכילם את־העם הזה לענה
טו והשקיתים מי־ראש: והפיצותים בגוים אשר לא ידעו
המה ואבותם ושלחתי אחריהם את־החרב עד כלותי
16 אותם: כה אמר יהוה צבאות התבוננו וקראו
למקוננות ותבואינה ואל־החכמות שלחו ותבואנה:
17 ותמהרנה ותשנה עלינו נהי ותרדנה עינינו דמעה
18 ועפעפינו יזלו־מים: כי קול נהי נשמע מציון איך שדדנו
19 בשנו מאד כי־עזבנו ארץ כי השליכו משכנותינו: כי־
שמענה נשים דבר־יהוה ותקח אזנכם דבר־פיו ולמדנה
כ בנתיכם נהי ואשה רעותה קינה: כי־עלה מות בחלונינו

אונד איטליכער פריינד פיהרט רכילות: 4 אונד איטליכער האנדעלט פאלש מיט זיין פריינד, אונד קיין אמת רעדען זייא ניט! זייא לערנען זייערע צונג פאלש צו רעדען, זייא מיהען זיך אונרעכט צו טהון: 5 דוא וואוינסט אין דער מיטען פון פאלשקייט (בעטרוג), וועגען בעטרוג ווילען זייא מיך ניט קענען, זאגט דער האר: 6 דארום, אזוי זאגט דער האר צבאות, זעה, איך לייטער זייא אונד איך פרוב זייא, וואָרין וויא אזוי זאל איך דען טהון וועגען דער טאכטער פון מיין פאלק? 7 א שארפער פייל איז זייערע צונג, ער רעדט פאלשקייט, מיט זיין מויל רעדט ער מיט זיין פריינד פרידליך (שלום) אבער בייא איהם אינווענדיג מאכט ער א לויערונג פאר איהם: 8 זאל איך זייא וועגען דעם דאזיגען ניט שטראפען? זאגט דער האר, אדער זאל איך מיך אויף אזוי א פאלק וויא דאס דאזיגע ניט נוקם זיין? 9 אויף דיא בערג וועל איך אויפהעבען א געוויין אונד א קלאג, אונד אויף דיא ווידע פלעצער א טרויעריג ליד, ווייל זייא זענען צושטערט געוואָרען, דאס קיין מענש קען ניט דורכגעהן, אונד מען הערט ניט קיין קול פון פיה (בהמות), פון דיא פעגעל פון דעם הימעל ביז צו דיא בהמות זענען זייא פערוואגעלט געוואָרען, אונד זייא זענען אוועקגעגאנגען: 10 אונד איך וועל ירושלים געבען צו א שטיין־הויפען, צו א וואוינונג פון שאקאלען, אונד דיא שטעט פון יהודה וועל איך מאכען וויסט אהן איינוואוינער: 11 ווער איז דער מאן וואס איז קלוג? אונד וויל דאס דאזיגע פערשטעהן, אונד וועלכער איז דער וואס דאס מויל פון דעם האר האט צו איהם גערעט, אונד ער זאל עס זאגען, פארוואס איז דאס לאנד פערלוירען געוואָרען? צושטערט וויא דיא מדבר, אהן דורכפאהרער: 12 אונד דער האר האט געזאגט, ווייל זייא האבען פערלאזט מיינע תורה, וואס איך האב פאר זייא געגעבען, אונד זייא האבען ניט געהארכט צו מיין קול, אונד זייא זענען אין איהר ניט געגאנגען: 13 אונד זייא זענען געגאנגען נאך דעם טראכטען פון זייערע הערצער, אונד נאך דיא בעלים וואס זייערע עלטערן האבען זייא געלערנט: 14 דארום, אזוי זאגט דער האר צבאות, דער גאט פון ישראל, זעה, איך וועל דאס דאזיגע פאלק מאכען עסען ווערמוטה, אונד איך וועל זייא מאכען אנטרינקען מיט גיפט־וואסער: 15 אונד איך וועל זייא צושפרייטען אונטער דיא פעלקער, וואס זייא אונד זייערע עלטערן האבען זייא ניט געקענט, אונד איך וועל זייא נאכשיקען דאס שווערד ביז איך וועל זייא פערלענדען: 16 אזוי זאגט דער האר צבאות, בעמערקט אונד רופט דיא קלאגערינס אז זייא זאלען קומען, אונד שיקט צו דיא קלוגע ווייבער אז זייא זאלען קומען: 17 אז זייא זאלען זיך איילען, אונד זאלען אויפהעבען איבער אונס א קלאג־ליד, כדי טרערען זאלען רינען פון אונזערע אויגען, אונד אונזערע אויגען־ברעמען זאלען רינען מיט וואסער: 18 וואָרין א קול פון קלאגען ווערט געהערט אוים ציון, וויא זענען מיר צושטערט געוואָרען, מיר זענען זעהר פערשעמט געוואָרען, ווייל מיר האבען געמוסט דאס לאנד פערלאזען, ווייל זייא האבען אנידערגעוואָרפען אונזערע וואוינונגען: 19 הערט איהר ווייבער דאס וואָרט פון דעם האר, אונד אייערע אויערען זאלען אויפנעמען דאס וואָרט פון זיין מויל, אונד לערענט אייערע טעכטער א קלאג־ליד, אונד איינע דיא אנדערע (לערענט) א טרויער־ליד: 20 וואָרין דער טויט איז ארויפגעגאנגען אין אונזערע פענסטער,

ער

בָּא בְּאַרְמְנוֹתֵינוּ לְהַכְרִית עוֹלָל מִחוּץ בַּחוּרִים מֵרְחֹבוֹת:
21 דַּבֵּר כֹּה נְאֻם־יְהוָה וְנָפְלָה נִבְלַת הָאָדָם כְּדֹמֶן עַל־פְּנֵי
22 הַשָּׂדֶה וּכְעָמִיר מֵאַחֲרֵי הַקֹּצֵר וְאֵין מְאַסֵּף: כֹּה | אָמַר
יְהוָה אַל־יִתְהַלֵּל חָכָם בְּחָכְמָתוֹ וְאַל־יִתְהַלֵּל הַגִּבּוֹר
23 בִּגְבוּרָתוֹ אַל־יִתְהַלֵּל עָשִׁיר בְּעָשְׁרוֹ: כִּי אִם־בְּזֹאת יִתְהַלֵּל
הַמִּתְהַלֵּל הַשְׂכֵּל וְיָדֹעַ אוֹתִי כִּי אֲנִי יְהוָה עֹשֶׂה חֶסֶד מִשְׁפָּט
24 וּצְדָקָה בָּאָרֶץ כִּי־בְאֵלֶּה חָפַצְתִּי נְאֻם־יְהוָה: הִנֵּה
כה יָמִים בָּאִים נְאֻם־יְהוָה וּפָקַדְתִּי עַל־כָּל־מוּל בְּעָרְלָה: עַל־
מִצְרַיִם וְעַל־יְהוּדָה וְעַל־אֱדוֹם וְעַל־בְּנֵי עַמּוֹן וְעַל־מוֹאָב
וְעַל כָּל־קְצוּצֵי פֵאָה הַיֹּשְׁבִים בַּמִּדְבָּר כִּי כָל־הַגּוֹיִם עֲרֵלִים
וְכָל־בֵּית יִשְׂרָאֵל עַרְלֵי־לֵב:

י

א שִׁמְעוּ אֶת־הַדָּבָר אֲשֶׁר דִּבֶּר יְהוָה עֲלֵיכֶם בֵּית יִשְׂרָאֵל:
2 כֹּה | אָמַר יְהוָה אֶל־דֶּרֶךְ הַגּוֹיִם אַל־תִּלְמָדוּ וּמֵאֹתוֹת
3 הַשָּׁמַיִם אַל־תֵּחָתּוּ כִּי־יֵחַתּוּ הַגּוֹיִם מֵהֵמָּה: כִּי־חֻקּוֹת
הָעַמִּים הֶבֶל הוּא כִּי־עֵץ מִיַּעַר כְּרָתוֹ מַעֲשֵׂה יְדֵי־חָרָשׁ
4 בַּמַּעֲצָד: בְּכֶסֶף וּבְזָהָב יְיַפֵּהוּ בְּמַסְמְרוֹת וּבְמַקָּבוֹת
ה יְחַזְּקוּם וְלוֹא יָפִיק: כְּתֹמֶר מִקְשָׁה הֵמָּה וְלֹא יְדַבֵּרוּ
נָשׂוֹא יִנָּשׂוּא כִּי לֹא יִצְעָדוּ אַל־תִּירְאוּ מֵהֶם כִּי־לֹא יָרֵעוּ
6 וְגַם־הֵיטֵיב אֵין אוֹתָם: מֵאֵין כָּמוֹךָ יְהוָה גָּדוֹל
7 אַתָּה וְגָדוֹל שִׁמְךָ בִּגְבוּרָה: מִי לֹא יִרָאֲךָ מֶלֶךְ הַגּוֹיִם
כִּי לְךָ יָאָתָה כִּי בְכָל־חַכְמֵי הַגּוֹיִם וּבְכָל־מַלְכוּתָם מֵאֵין
8 כָּמוֹךָ: וּבְאַחַת יִבְעֲרוּ וְיִכְסָלוּ מוּסַר הֲבָלִים עֵץ הוּא:
9 כֶּסֶף מְרֻקָּע מִתַּרְשִׁישׁ יוּבָא וְזָהָב מֵאוּפָז מַעֲשֵׂה חָרָשׁ
וִידֵי צוֹרֵף תְּכֵלֶת וְאַרְגָּמָן לְבוּשָׁם מַעֲשֵׂה חֲכָמִים כֻּלָּם:
וַיהוָה אֱלֹהִים אֱמֶת הוּא־אֱלֹהִים חַיִּים וּמֶלֶךְ עוֹלָם מִקִּצְפּוֹ
11 תִּרְעַשׁ הָאָרֶץ וְלֹא־יָכִלוּ גוֹיִם זַעְמוֹ: כִּדְנָה תֵּאמְרוּן

עֶר איז אַרֵיינגֶעקוּמֶען אִין אוּנזֶערֶע פַּאלַאסְטֶען, צוּ פֶערְטִילְגֶען דָאס קְלֵיינֶע קִינְד פוּן דֶער גַאס, דִיא יוּנְגֶע לֵייט פוּן דִיא בְּרֵייטֶע גַאס: 21 רֶעד, אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר, דִיא טוֹיטֶע קֶערְפֶּער פוּן דִיא מֶענְשֶׁען וֶועלֶען פַאלֶען אַזוֹי וִויא מִיסְט אוֹיף דֶעם פֶעלְד, אוּנְד אַזוֹי וִויא אַ גַארְבּ (בִּינְדֶעל) הִינְטֶער דֶעם שְׁנֵיידֶער, אוּנְד קֵיינֶער זַאמֶעלְט עֶס: 22 אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר, דֶער קְלוּגֶער זָאל זִיךְ נִיט רִיהְמֶען מִיט זֵיינֶע חָכְמָה, (קְלוּגְהֵייט) אוּנְד דֶער שְׁטַארְקֶער זָאל זִיךְ נִיט רִיהְמֶען מִיט זֵיינֶע גְבוּרָה, אוּנְד דֶער רֵייכֶער זָאל זִיךְ נִיט רִיהְמֶען מִיט זֵיין רֵייכְקֵייט: 23 נֵייעֶרְט דֶערְמִיט זָאל זִיךְ רִיהְמֶען, דֶער וָואס וִויל זִיךְ רִיהְמֶען קְלוּג צוּ זֵיין, אוּנְד מִיךְ אָנְ־צוּעֶרְקֶענֶען אַז אִיךְ בִּין דֶער הַאר, וָואס טְהוּט גְנָאד (חֶסֶד) רֶעכְט אוּנְד גֶערֶעכְטִיגְקֵייט אוֹיף דֶער עֶרְד, וָוארִין אִין דֶעם דָאזִיגֶען אִיז מֵיין בֶּעגֶעהְר, זָאגְט דֶער הַאר: 24 זֶעה, עֶס וֶועלֶען קוּמֶען טֶעג, זָאגְט דֶער הַאר, דָאס אִיךְ וֶועל בֶּעשְׁטְרָאפֶען אַלֶע בֶּעשְׁנִיטֶענֶע מִיט דִיא אוּנְבֶּעשְׁנִיטֶענֶע: 25 צוּזַאמֶען מִיט מִצְרַיִם, מִיט יְהוּדָה, מִיט אֱדוֹם מִיט דִיא קִינְדֶער פוּן עַמּוֹן אוּנְד מוֹאָב, אוּנְד מִיט אַלֶע דִיא וָואס זֶענֶען אָפְּגֶעשְׁנִיטֶען אִין דִיא עֶקֶען וָואס וְואוֹינֶען אִין דֶער מִדְבָּר, וָוארִין אַלֶע פֶעלְקֶער זֶענֶען אוּנְבֶּעשְׁנִיטֶען, אוּנְד דָאס גַאנְצֶע הוֹיז פוּן יִשְׂרָאֵל זֶענֶען פוּן אוּנְבֶּעשְׁנִיטֶענֶע הֶערְצֶער:

## קאפיטעל י

1 הֶערְט דָאס וָוארְט, וָואס דֶער הַאר הָאט גֶערֶעדְט צוּ אֵייךְ, אִיהְר הוֹיז יִשְׂרָאֵל: 2 אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר, פוּן דֶעם וֶועג פוּן דִיא גוֹיִם זָאלְט אִיהְר נִיט לֶערְנֶען, אוּנְד פַאר דִיא צֵייכֶען פוּן דֶעם הִימֶעל זָאלְט אִיהְר אֵייךְ נִיט שְׁרֶעקֶען, וָוארִין דִיא גוֹיִם שְׁרֶעקֶען זִיךְ פַאר זֵייא: 3 וָוארִין דִיא גֶעזֶעצֶע פוּן דִיא פֶעלְקֶער אִיז נַארִישְׁקֵייט, וָוארִין דֶער (גֶעץ) אִיז אַ בּוֹים וָואס מֶען הַאקְט אִיהְם אוֹיס פוּן אַ וַואלְד, עֶר אִיז דָאס וֶוערְק פוּן דִיא הֶענְד פוּן דֶעם מֵייסְטֶער מִיט אַ הוֹבֶּעל: 4 מִיט זִילְבֶּער אוּנְד מִיט גָאלְד מַאכְט מֶען אִיהְם שֶׁעהְן, מִיט נֶעגֶעל אוּנְד מִיט הַאמֶער מַאכְט מֶען אִיהְם פֶעסְט, אַז עֶר זָאל נִיט אוֹיס אֵיינַאנְדֶער פַאלֶען: 5 וִויא אַ גֶעדְרֶעקְסֶעלְטֶער זֵייל זֶענֶען זֵייא, אוּנְד זֵייא קֶענֶען נִיט רֶעדֶען, מֶען מוּז זֵייא טְרָאגֶען וֵוייל זֵייא קֶענֶען נִיט קֵיין טְרִיט גֶעהְן, אִיהְר זָאלְט אֵייךְ פַאר זֵייא נִיט פָארְכְטֶען וֵוייל זֵייא קֶענֶען קֵיין שְׁלֶעכְטֶעס טְהוּן, אָבֶּער אוֹיךְ גוּטֶעס טְהוּן אִיז נִיט אִין זֵייעֶר מַאכְט: 6 עֶס אִיז נִיט דָא קֵיינֶער וִויא דוּא, הַאר! דוּא בִּיסְט גְרוֹיס, אוּנְד גְרוֹיס אִיז דֵיין נָאמֶען דוּרְךְ שְׁטַארְקְהֵייט: 7 וֶוער זָאל זִיךְ נִיט פָארְכְטֶען פַאר דִיר, דוּא קֶענִיג פוּן דִיא פֶעלְקֶער? וָוארִין דִיר קוּמְט עֶס, וָוארִין אוּנְטֶער אַלֶע קְלוּגֶע פוּן דִיא פֶעלְקֶער, אוּנְד אִין אַלֶע זֵיירֶע קֶענִיגְרֵייכֶען, אִיז קֵיינֶער גְלֵייךְ וִויא דוּא: 8 אָבֶּער אִין אֵיינֶעם זֶענֶען זֵייא דוּם אוּנְד נַארִישׁ, וָוארִין דִיא לֶעהְרֶע פוּן דִיא נַארִישְׁקֵייטֶען אִיז וֶועגֶען הָאלְץ: 9 אוֹיסְגֶעשְׁפְּרֵייטֶעס זִילְבֶּער וֶוערְט פוּן תַּרְשִׁישׁ גֶעבְּרַאכְט, אוּנְד גָאלְד פוּן אוּפָז (אוֹפִיר), דָאס וֶוערְק פוּן אַ מֵייסְטֶער־קִינְסְטְלֶער, אוּנְד פוּן דִיא הֶענְד פוּן אַ גָאלְד־שְׁמִיד, בְּלוֹיעֶ וָואל אוּנְד פּוּרְפּוּר אִיז זֵייעֶר קְלֵייד, דָאס וֶוערְק פוּן קְלוּגֶע זֶענֶען זֵייא אַלֶע: 10 אָבֶּער דֶער הַאר, אִיז דֶער אֶמֶת׳ר גָאט, עֶר אִיז דֶער לֶעבֶּעדִיגֶער גָאט, אוּנְד דֶער עֶבִּיגֶער קֶענִיג, פָאר זֵיין צָארְן צִיטֶערְט דִיא עֶרְד, אוּנְד דִיא פֶעלְקֶער קֶענֶען נִיט בֶּעשְׁטֶעהְן קֶעגֶען זֵיין גְרִימְצָארְן: 11 אַזוֹי זָאלְט אִיהְר צוּ זֵייא זָאגֶען,

דיא

לְהוֹם אֱלָהַיָּא דִּֽי־שְׁמַיָּא וְאַרְקָא לָא עֲבַדוּ יֵאבַדוּ מֵאַרְעָא
12 וּמִן־תְּחוֹת שְׁמַיָּא אֵלֶּה׃ עֹשֵׂה אֶרֶץ בְּכֹחוֹ מֵכִין
13 תֵּבֵל בְּחָכְמָתוֹ וּבִתְבוּנָתוֹ נָטָה שָׁמָיִם׃ לְקוֹל תִּתּוֹ הֲמוֹן
מַיִם בַּשָּׁמַיִם וַיַּעֲלֶה נְשִׂאִים מִקְצֵה ׳אָרֶץ בְּרָקִים לַמָּטָר
14 עָשָׂה וַיּוֹצֵא רוּחַ מֵאֹצְרֹתָיו׃ נִבְעַר כָּל־אָדָם מִדַּעַת
הֹבִישׁ כָּל־צוֹרֵף מִפָּסֶל כִּי שֶׁקֶר נִסְכּוֹ וְלֹא־רוּחַ בָּם׃
טו 16 הֶבֶל הֵמָּה מַעֲשֵׂה תַּעְתֻּעִים בְּעֵת פְּקֻדָּתָם יֹאבֵדוּ׃ לֹא־
כְאֵלֶּה חֵלֶק יַעֲקוֹב כִּֽי־יוֹצֵר הַכֹּל הוּא וְיִשְׂרָאֵל שֵׁבֶט
17 נַחֲלָתוֹ יְהוָה צְבָאוֹת שְׁמוֹ׃ אִסְפִּי מֵאֶרֶץ כִּנְעָתֵךְ
18 יוֹשֶׁבֶתי בַּמָּצוֹר׃ כִּֽי־כֹה אָמַר יְהוָה הִנְנִי קוֹלֵעַ
אֶת־יוֹשְׁבֵי הָאָרֶץ בַּפַּעַם הַזֹּאת וַהֲצֵרוֹתִי לָהֶם לְמַעַן יִמְצָאוּ׃
19 אוֹי־לִי עַל־שִׁבְרִי נַחְלָה מַכָּתִי וַאֲנִי אָמַרְתִּי אַךְ
כ זֶה חֳלִי וְאֶשָּׂאֶנּוּ׃ אָהֳלִי שֻׁדָּד וְכָל־מֵיתָרַי נִתָּקוּ בָּנַי יְצָאֻנִי
21 וְאֵינָם אֵין־נֹטֶה עוֹד אָהֳלִי וּמֵקִים יְרִיעוֹתָי׃ כִּי נִבְעֲרוּ
הָרֹעִים וְאֶת־יְהוָה לֹא דָרָשׁוּ עַל־כֵּן לֹא הִשְׂכִּילוּ וְכָל־
22 מַרְעִיתָם נְפוֹצָה׃ קוֹל שְׁמוּעָה הִנֵּה בָאָה וְרַעַשׁ גָּדוֹל
מֵאֶרֶץ צָפוֹן לָשׂוּם אֶת־עָרֵי יְהוּדָה שְׁמָמָה מְעוֹן תַּנִּים׃
23 יָדַעְתִּי יְהוָה כִּי לֹא לָאָדָם דַּרְכּוֹ לֹא־לְאִישׁ הֹלֵךְ וְהָכִין
24 אֶת־צַעֲדוֹ׃ יַסְּרֵנִי יְהוָה אַךְ בְּמִשְׁפָּט אַל־בְּאַפְּךָ פֶּן־
כה תַּמְעִטֵנִי׃ שְׁפֹךְ חֲמָתְךָ עַל־הַגּוֹיִם אֲשֶׁר לֹא־יְדָעוּךָ וְעַל
מִשְׁפָּחוֹת אֲשֶׁר בְּשִׁמְךָ לֹא קָרָאוּ כִּֽי־אָכְלוּ אֶת־יַעֲקֹב
וַאֲכָלֻהוּ וַיְכַלֻּהוּ וְאֶת־נָוֵהוּ הֵשַׁמּוּ׃

# יא
## יא

2 א הַדָּבָר אֲשֶׁר הָיָה אֶל־יִרְמְיָהוּ מֵאֵת יְהוָה לֵאמֹר׃ שִׁמְעוּ
אֶת־דִּבְרֵי הַבְּרִית הַזֹּאת וְדִבַּרְתָּם אֶל־אִישׁ יְהוּדָה וְעַל־
3 יֹשְׁבֵי יְרוּשָׁלָםִ׃ וְאָמַרְתָּ אֲלֵיהֶם כֹּה־אָמַר יְהוָה אֱלֹהֵי
יִשְׂרָאֵל אָרוּר הָאִישׁ אֲשֶׁר לֹא יִשְׁמַע אֶת־דִּבְרֵי הַבְּרִית

דיא געטער, וואס האבען ניט געמאכט דעם הימעל אונד דיא ערד, זייא וועלען פערטילגט ווערען פון דער ערד אונד פון אונטער דעם דאזיגען הימעל: 12 ער האט דיא ערד געמאכט מיט זיינע קראפט, ער האט דיא ערד בעפעסטיגט דורך זיינע קלוגהייט, אונד דורך זיין פערשטאנד האט ער אויסגעשפרייט דעם הימעל: 13 אין זיין ארויסגעבען דאס קול (פון דונער) איז א גערויש פון וואסער אין דעם הימעל, אונד ער ברענגט ארויף דיא וואלקענס פון דעם ענד פון דער ערד, ער האט געמאכט בליצען צו דעם רעגען, אונד ברענגט ארויס דעם ווינד פון זיינע אוצרות: 14 איטליכער מענש איז פערנארישט געווארען פון וויסענשאפט, איטליכער גאלד־שמיד איז פערשעמט געווארען פון געשניצטען בילד, ווארין פאלשקייט איז זיין געגאסענעס (בילד), אונד עס איז אין זייא קיין גייסט: 15 זייא זענען נארישקייט, א ווערק פון פערפיהרונגען, אין דער צייט פון זיירע שטראף וועלען זייא פערלוירען ווערען: 16 אבער דער טהייל פון יעקב איז ניט וויא דיא דאזיגע ווארין ער איז דער בעשעפער פון אלעם, אונד ישראל איז דער שבט פון זיין ערבטהייל, דער האר צבאות איז זיין נאמען: 17 פער־זאמעל פון דעם לאנד דיין בינדעל, דוא בעוואוינער פון דער פעסטונג: 18 ווארין אזוי זאגט דער האר, זעה, איך וועל אוועקשליידערן דיא איינוואוינער פון דעם לאנד דאס דאזיגע מאל, אונד איך וועל זייא ענג מאכען, כדי זייא זאלען געפונען ווערען: 19 אוי וועה מיר, וועגען מיין אונגליק, מיינע וואונדען זענען קרענקליך, אונד איך האב געדאכט, אז עס איז נאר א קראנקהייט, אונד איך וועל עס איבערטראגען: 20 מיין געצעלט איז בערויבט געווארען, אונד אלע מיינע שטריק זענען צוריסען געווארען, מיינע קינדער זענען פון מיר אוועקגעגאנגען, אונד זייא זענען ניט דא, קיינער שפרייט ניט מעהר אויס מיין געצעלט,—אונד שטעלט ניט אויף מיינע פאר־האנגען: 21 ווארין דיא פאסטוכער זענען נאריש געווארען, אונד דעם האר פארשען זייא ניט, דארום האבען זייא ניט בעגליקט, אונד זיירע גאנצע סטאדע איז צושפרייט: 22 א קול ווערט געהערט, זעה, עס קומט, אונד א גרויסער רעש פון צפון־לאנד, כדי דיא שטעט פון יהודה וויסט צו מאכען, א וואוינונג פאר דיא שאקאלען: 23 איך וויים וואויל האר, דאס צו דעם מענש געהערט ניט זיין וועג, אונד ניט צו דעם מאן וואס געהט ארום אז ער זאל פעסט מאכען זיינע טריט: 24 שטראף מיך א האר, אבער נאר מיט רעכט, ניט מיט דיין צארן אז דוא זאלסט מיך ניט ווינציג מאכען: 25 גיס אויס דיין צארן אויף דיא גוים וואס ווילען דיך ניט קענען, אונד אויף דיא משפחות וואס רופען ניט אן דיין נאמען, ווייל זייא האבען יעקב׳ן אויפגעגעסען, זייא האבען איהם פערצעהרט אונד זייא האבען איהם פערלענט, אונד זיין וויידע פלאץ האבען זייא פערוויסט:

## קאפיטעל יא

1 דאס איז דאס ווארט וואס איז געוועזען צו ירמיהו פון דעם האר, אזוי צו זאגען: 2 הערט דיא ווערטער פון דעם דאזיגען ברית אונד איהר זאלט רעדען צו דיא מענער פון יהודה אונד צו דיא איינוואוינער פון ירושלים: 3 אונד דוא זאלסט צו זייא זאגען, אזוי זאגט דער האר, דער גאט פון ישראל, פערפלוכט איז דער מענש וואס וועט ניט הערען דיא ווערטער פון דעם דאזיגען ברית:

וואס

4 הַזֹּאת׃ אֲשֶׁר צִוִּיתִי אֶת־אֲבוֹתֵיכֶם בְּיוֹם הוֹצִיאִי־אוֹתָם
מֵאֶרֶץ־מִצְרַיִם מִכּוּר הַבַּרְזֶל לֵאמֹר שִׁמְעוּ בְקוֹלִי וַעֲשִׂיתֶם
אוֹתָם כְּכֹל אֲשֶׁר־אֲצַוֶּה אֶתְכֶם וִהְיִיתֶם לִי לְעָם וְאָנֹכִי
ה אֶהְיֶה לָכֶם לֵאלֹהִים׃ לְמַעַן הָקִים אֶת־הַשְּׁבוּעָה אֲשֶׁר־
נִשְׁבַּעְתִּי לַאֲבוֹתֵיכֶם לָתֵת לָהֶם אֶרֶץ זָבַת חָלָב וּדְבַשׁ
6 כַּיּוֹם הַזֶּה וָאַעַן וָאֹמַר אָמֵן ׀ יְהוָה׃ וַיֹּאמֶר יְהוָה
אֵלַי קְרָא אֶת־כָּל־הַדְּבָרִים הָאֵלֶּה בְּעָרֵי יְהוּדָה וּבְחֻצוֹת
יְרוּשָׁלַם לֵאמֹר שִׁמְעוּ אֶת־דִּבְרֵי הַבְּרִית הַזֹּאת וַעֲשִׂיתֶם
7 אוֹתָם׃ כִּי הָעֵד הַעִדֹתִי בַּאֲבוֹתֵיכֶם בְּיוֹם הַעֲלוֹתִי אוֹתָם
מֵאֶרֶץ מִצְרַיִם עַד־הַיּוֹם הַזֶּה הַשְׁכֵּם וְהָעֵד לֵאמֹר שִׁמְעוּ
8 בְּקוֹלִי׃ וְלֹא שָׁמְעוּ וְלֹא־הִטּוּ אֶת־אָזְנָם וַיֵּלְכוּ אִישׁ
בִּשְׁרִירוּת לִבָּם הָרָע וָאָבִיא עֲלֵיהֶם אֶת־כָּל־דִּבְרֵי הַבְּרִית־
9 הַזֹּאת אֲשֶׁר־צִוִּיתִי לַעֲשׂוֹת וְלֹא עָשׂוּ׃ וַיֹּאמֶר יְהוָה
י אֵלָי נִמְצָא־קֶשֶׁר בְּאִישׁ יְהוּדָה וּבְיֹשְׁבֵי יְרוּשָׁלָם׃ שָׁבוּ
עַל־עֲוֹנֹת אֲבוֹתָם הָרִאשֹׁנִים אֲשֶׁר מֵאֲנוּ לִשְׁמוֹעַ אֶת־
דְּבָרַי וְהֵמָּה הָלְכוּ אַחֲרֵי אֱלֹהִים אֲחֵרִים לְעָבְדָם הֵפֵרוּ
בֵית־יִשְׂרָאֵל וּבֵית יְהוּדָה אֶת־בְּרִיתִי אֲשֶׁר כָּרַתִּי אֶת־
11 אֲבוֹתָם׃ לָכֵן כֹּה אָמַר יְהוָה הִנְנִי מֵבִיא אֲלֵיהֶם
רָעָה אֲשֶׁר לֹא־יוּכְלוּ לָצֵאת מִמֶּנָּה וְזָעֲקוּ אֵלַי וְלֹא
12 אֶשְׁמַע אֲלֵיהֶם׃ וְהָלְכוּ עָרֵי יְהוּדָה וְיֹשְׁבֵי יְרוּשָׁלַם
וְזָעֲקוּ אֶל־הָאֱלֹהִים אֲשֶׁר הֵם מְקַטְּרִים לָהֶם וְהוֹשֵׁעַ לֹא־
13 יוֹשִׁיעוּ לָהֶם בְּעֵת רָעָתָם׃ כִּי מִסְפַּר עָרֶיךָ הָיוּ אֱלֹהֶיךָ
יְהוּדָה וּמִסְפַּר חֻצוֹת יְרוּשָׁלַם שַׂמְתֶּם מִזְבְּחוֹת לַבֹּשֶׁת
14 מִזְבְּחוֹת לְקַטֵּר לַבָּעַל׃ וְאַתָּה אַל־תִּתְפַּלֵּל בְּעַד־
הָעָם הַזֶּה וְאַל־תִּשָּׂא בַעֲדָם רִנָּה וּתְפִלָּה כִּי ׀ אֵינֶנִּי שֹׁמֵעַ
טו בְּעֵת קָרְאָם אֵלַי בְּעַד רָעָתָם׃ מֶה לִידִידִי בְּבֵיתִי
עֲשׂוֹתָהּ הַמְזִמָּתָה הָרַבִּים וּבְשַׂר־קֹדֶשׁ יַעַבְרוּ מֵעָלָיִךְ כִּי

4 וואס איך האב געבאטען אייערע עלטערן
אין דעם טאג, ווען איך האב זייא ארויס־
געפיהרט אויס דעם לאנד מצרים, פון דעם
אייזערנעם אויפען, אזוי צו זאגען, הערט
מיין קול, אונד איהר זאלט טהון, נאך
אלעם וואס איך בעפעהל אייך, אזוי
וועט איהר זיין מיין פאלק אונד איך
וועל זיין אייער גאט: 5 כדי צו בע־
שטעטיגען דיא שבועה, וואס איך האב
געשוואוירען צו אייערע עלטערן זייא צו
געבען א לאנד וואס פליסט מיט מילך
אונד האניג, אזוי וויא עס איז דעם דא־
זיגען טאג, אונד איך האב געענטפערט
אונד געזאגט, אמן, א האר: 6 אונד דער
האר האט צו מיר געזאגט, רוף אויס
אלע דיא דאזיגע ווערטער אין דיא
שטעט פון יהודה, אונד אין דיא גאסען
פון ירושלים, אזוי צו זאגען, הערט דיא
ווערטער פון דעם דאזיגען ברית, אונד
איהר זאלט זייא טהון: 7 ווארין איך
האב שטארק געווארענט אייערע עלטערן
אין דעם טאג, ווען איך האב זייא
ארויסגעפיהרט פון דעם לאנד מצרים ביז אויף דעם דאזיגען טאג, איך האב
איטליכען פריה־מארגען געווארענט (בעצייגט), אזוי צו זאגען, הערט מיין קול:
8 אבער זייא האבען ניט געהערט, אונד זייא האבען ניט גענייגט זייער אויער,
אונד זייא זענען געגאנגען איטליכער נאך דיא געדאנקען פון זייער שלעכטען
הארץ, אונד דארום וועל איך ברענגען איבער זייא אלע ווערטער פון דעם
דאזיגען ברית, וואס איך האב בעפוילען צו טהון, אבער זייא האבען עס ניט
געטהון: 9 אונד דער האר האט צו מיר געזאגט, א פערבינדונג איז גע־
פונען געווארען צווישען דיא מענער פון יהודה,—אונד דיא איינוואוינער פון
ירושלים: 10 זייא האבען זיך צוריקגעקעהרט צו דיא זינד פון זייערע ערשטע
עלטערן, וואס האבען ניט געוואלט הערען מיינע ווערטער, אונד זייא זענען
נאכגעגאנגען אנדערע געטער כדי זייא צו דינען, דאס הויזגעזינד פון ישראל
אונד דאס הויזגעזינד פון יהודה האבען צושטערט מיין ברית, וואס איך האב
געמאכט מיט זייערע עלטערן: 11 דארום, אזוי זאגט דער האר, זעה, איך
ברענג איבער זייא שלעכטעס, וואס זייא וועלען ניט קענען דערפון ארויסקומען,
אונד זייא וועלען צו מיר שרייען, אבער איך וועל זייא ניט הערען: 12 אונד
דיא שטעט פון יהודה אונד דיא איינוואוינער פון ירושלים וועלען געהן אונד
וועלען שרייען צו דיא געטער, וואס זייא האבען צו זייא געריכערט, אבער
זייא וועלען זייא ניט קענען העלפען, אין דער צייט פון זייער אומגליק:
13 ווארין וויא דיא צאהל פון דיינע שטעט, אזוי זענען דיינע געטער, א יהודה, אונד
וויא דיא צאהל פון דיא גאסען אין ירושלים האט איהר געמאכט מזבחות צו דער
שאנד, מזבחות צו רייכערן צו דעם בעל: 14 אונד דוא זאלסט ניט בעטען פאר
דעם דאזיגען פאלק, אונד דוא זאלסט ניט אויפהעבען פאר זייא א געשרייא אונד
געבעט, ווארין איך וועל ניט הערען אין דער צייט ווען זייא רופען צו מיר, וועגען
זייער אומגליק: 15 וואס וויל מיינע געליבטע אין מיין הויז? איז עס אויסצופיהרען
זייערע פילע שלעכטע געדאנקען? אונד ווען דאס היילינגע פלייש איז פון דיר אוועק

16 רָעָתֵכִי אָז תַּעֲלֹזִי: זַיִת רַעֲנָן יְפֵה פְרִי־תֹאַר קָרָא יְהֹוָה
שְׁמֵךְ לְקוֹל ׀ הֲמוּלָּה גְדֹלָה הִצִּית אֵשׁ עָלֶיהָ וְרָעוּ דָּלִיּוֹתָיו:
17 וַיהֹוָה צְבָאוֹת הַנּוֹטֵעַ אוֹתָךְ דִּבֶּר עָלַיִךְ רָעָה בִּגְלַל רָעַת
בֵּית־יִשְׂרָאֵל וּבֵית יְהוּדָה אֲשֶׁר עָשׂוּ לָהֶם לְהַכְעִסֵנִי לְקַטֵּר
18 לַבָּעַל: וַיהֹוָה הוֹדִיעַנִי וָאֵדָעָה אָז הִרְאִיתַנִי מַעַלְלֵיהֶם:
19 וַאֲנִי כְּכֶבֶשׂ אַלּוּף יוּבַל לִטְבוֹחַ וְלֹא־יָדַעְתִּי כִּי־עָלַי ׀
חָשְׁבוּ מַחֲשָׁבוֹת נַשְׁחִיתָה עֵץ בְּלַחְמוֹ וְנִכְרְתֶנּוּ מֵאֶרֶץ
כ חַיִּים וּשְׁמוֹ לֹא־יִזָּכֵר עוֹד: וַיהֹוָה צְבָאוֹת שֹׁפֵט
צֶדֶק בֹּחֵן כְּלָיוֹת וָלֵב אֶרְאֶה נִקְמָתְךָ מֵהֶם כִּי אֵלֶיךָ גִּלִּיתִי
21 אֶת־רִיבִי: לָכֵן כֹּה־אָמַר יְהֹוָה עַל־אַנְשֵׁי עֲנָתוֹת
הַמְבַקְשִׁים אֶת־נַפְשְׁךָ לֵאמֹר לֹא תִנָּבֵא בְּשֵׁם יְהֹוָה וְלֹא
22 תָמוּת בְּיָדֵנוּ: לָכֵן כֹּה אָמַר יְהֹוָה צְבָאוֹת הִנְנִי פֹקֵד
עֲלֵיהֶם הַבַּחוּרִים יָמֻתוּ בַחֶרֶב בְּנֵיהֶם וּבְנוֹתֵיהֶם יָמֻתוּ
23 בָּרָעָב: וּשְׁאֵרִית לֹא תִהְיֶה לָהֶם כִּי־אָבִיא רָעָה אֶל־אַנְשֵׁי
עֲנָתוֹת שְׁנַת פְּקֻדָּתָם:

יב

א צַדִּיק אַתָּה יְהֹוָה כִּי אָרִיב אֵלֶיךָ אַךְ מִשְׁפָּטִים אֲדַבֵּר
אוֹתָךְ מַדּוּעַ דֶּרֶךְ רְשָׁעִים צָלֵחָה שָׁלוּ כָּל־בֹּגְדֵי בָגֶד:
2 נְטַעְתָּם גַּם־שֹׁרָשׁוּ יֵלְכוּ גַּם־עָשׂוּ פֶרִי קָרוֹב אַתָּה בְּפִיהֶם
3 וְרָחוֹק מִכִּלְיוֹתֵיהֶם: וְאַתָּה יְהֹוָה יְדַעְתָּנִי תִּרְאֵנִי וּבָחַנְתָּ
לִבִּי אִתָּךְ הַתִּקֵם כְּצֹאן לְטִבְחָה וְהַקְדִּשֵׁם לְיוֹם הֲרֵגָה:
4 עַד־מָתַי תֶּאֱבַל הָאָרֶץ וְעֵשֶׂב כָּל־הַשָּׂדֶה יִיבָשׁ
מֵרָעַת יֹשְׁבֵי־בָהּ סָפְתָה בְהֵמוֹת וָעוֹף כִּי אָמְרוּ לֹא יִרְאֶה
ה אֶת־אַחֲרִיתֵנוּ: כִּי אֶת־רַגְלִים ׀ רַצְתָּה וַיַּלְאוּךָ וְאֵיךְ תְּתַחֲרֶה
אֶת־הַסּוּסִים וּבְאֶרֶץ שָׁלוֹם אַתָּה בוֹטֵחַ וְאֵיךְ תַּעֲשֶׂה
6 בִּגְאוֹן הַיַּרְדֵּן: כִּי גַם־אַחֶיךָ וּבֵית־אָבִיךָ גַּם־הֵמָּה בָּגְדוּ
בָךְ גַּם־הֵמָּה קָרְאוּ אַחֲרֶיךָ מָלֵא אַל־תַּאֲמֵן בָּם כִּי־יְדַבְּרוּ

ווייל דוא ביסט אזוי שלעכט, דאמאלס האסט דוא דיך געפרייט: 16 גרינער (פרישער) אייל־בערט־בוים, שעהן מיט שעהנע פרוכט, האט דער האר דיין נאמען גערופען, אבער מיט א קול פון א גרויסען גערויש (פון דונער) האט ער איבער איהר א פייער אנגעצינדען, אונד זיינע צווייגען זענען צובראכען געווארען: 17 אונד דער האר צבאות וואס האט דיך געפלאנצט, האט איבער דיר שלעכטעס גערעדט, וועגען דיא שלעכטיגקייט פון דעם הויז ישראל אונד פון דעם הויז יהודה, וואס זייא האבען געטהון אום מיך צו דערצערנען, מיט דעם וואס זייא האבען געריי‌כערט צו בעל: 18 אונד ווען דער האר האט עס מיר געלאזט וויסען אזוי האב איך עס געוואוסט, דאמאלס האסט דוא מיר געוויזען זייערע ווערק: 19 אונד איך בין געוועזען וויא א שעפס (שאף) אדער וויא א רינד וואס ווערט געבראכט צו דעם שעכטען! אונד איך האב ניט געוואוסט דאס זייא האבען אויף מיר געטראכט אזאלכע געדאנקען, לאזען מיר צערשטערען דעם בוים מיט זיינע פירות, אונד לאזען מיר איהם פערטיליגען פון דעם לאנד פון לעבען, אונד זיין נאמען זאל מעהר ניט דערמאנט ווערען: 20 אבער א האר צבאות וואס משפט׳סט מיט גערעכטיגקייט, וואס פריפסט נירען אונד הארץ, איך וועל פון זייא דיינע נקמה זעהען, ווארין צו דיר האב איך אנטפלעקט מיין קריג: 21 דארום אזוי זאגט דער האר וועגען דיא לייט פון ענתות, וואס בעגעהרען דיינע זעלע, אזוי צו זאגען, דוא זאלסט ניט נביאות זאגען אין דעם נאמען פון דעם האר, אזוי וועסט דוא ניט שטארבען דורך אונזערע האנד: 22 דארום, אזוי זאגט דער האר צבאות, זעה, איך וועל זייא בעשטראפען, דיא יונגע לייט וועלען שטארבען דורך דעם שווערד, זייערע זיהן אונד זייערע טעכטער וועלען שטארבען דורך הונגער: 23 אונד קיינע איבערבלייבונג זאל צו זייא ניט זיין, ווארין איך וועל שלעכטעס ברענגען אויף דיא לייט פון ענתות, דיא צייט פון זייערע שטראף:

קאפיטעל יב

1 דוא ביזט גערעכט, א האר, ווען איך וועל מיט דיר קריגען, אבער משפטים וועל איך מיט דיר רעדען, ווארום בעגליקט דער וועג פון דיא רשעים? זייא זענען רוהיג, אלע וואס זענען אונטרייא (פאלש)? 2 דוא האסט זייא געפלאנצט, אונד זייא זענען אויך איינגעווארצעלט, זייא געהען, אונד זייא ברענגען אויך פרוכט ארוים, דוא ביסט נאהענט אין זייער מויל, אבער ווייט פון זייערע נירען: 3 אבער דוא א האר, דוא קענסט מיך, דוא האסט מיך געזעהען, אונד געפ־ובט מיין הארץ, וויא עס איז מיט דיר! רייס זייא אוים, גלייך וויא שאף צו דעם שלאכטען, אונד בערייט זייא אן צו דעם טאג פון טייטונג: 4 ביז וויא לאנג זאל דאס לאנד טרויערן, אונד דאס גראז פון דעם גאנצען פעלד פערטריקענען? פון וועגען דעם שלעכטען פון דיא וואס וואוינען אין איהר, זענען דיא בהמות אונד דיא עופות אומגעקומען, ווייל זייא זאגען ער וועט ניט זעהען אונזער לעצטעס ענד: 5 ווען דוא ביסט מיט פוס־געהער געלאפען, אונד זייא האבען דיך מיד געמאכט, וויא אזוי זאלסט דוא דיך ערהיצען (צו לויפען) ווען זייא זענען מיט פערד? אונד ווען דוא ביסט אין א לאנד פון פרידען זיכער, אבער וויא אזוי וועסט דוא טהון אין דעם איבערפלוס פון דעם ירדן? 6 ווארין אויך דיינע ברידער אונד דאס הויז פון דיין פאטער זענען דיר אונטרייא געווארען, זייא האבען אויך נאך דיר מיט דעם פולען (האלז) גערופען, גלויב זייא ניט אפילו ווען זייא רעדען מיט

7 אליך טובות: עזבתי את־ביתי נטשתי את־נחלתי
8 נתתי את־ידדות נפשי בכף איביה: היתה־לי נחלתי
9 כאריה ביער נתנה עלי בקולה על־כן שנאתיה: העיט
צבוע נחלתי לי העיט סביב עליה לכו אספו כל־חית
י השדה התיו לאכלה: רעים רבים שחתו כרמי בססו
את־חלקתי נתנו את־חלקת חמדתי למדבר שממה:
11 שמה לשממה אבלה עלי שממה נשמה כל־הארץ כי
12 אין איש שם על־לב: על־כל־שפים במדבר באו שדדים
כי חרב ליהוה אכלה מקצה־ארץ ועד־קצה הארץ אין
13 שלום לכל־בשר: זרעו חטים וקצים קצרו נחלו
לא יועלו ובשו מתבואתיכם מחרון אף־יהוה:
14 כה׀ אמר יהוה על־כל־שכני הרעים הנגעים בנחלה
אשר־הנחלתי את־עמי את־ישראל הנני נתשם מעל
טו אדמתם ואת־בית יהודה אתוש מתוכם: והיה אחרי
נתשי אותם אשוב ורחמתים והשבתים איש לנחלתו
16 ואיש לארצו: והיה אם־למד ילמדו את־דרכי עמי להשבע
בשמי חי־יהוה כאשר למדו את־עמי להשבע בבעל ונבנו
17 בתוך עמי: ואם לא ישמעו ונתשתי את־הגוי ההוא נתוש
ואבד נאם־יהוה:

יג יג

א כה־אמר יהוה אלי הלוך וקנית לך אזור פשתים ושמתו
2 על־מתניך ובמים לא תבאהו: ואקנה את־האזור כדבר
3 יהוה ואשם על־מתני: ויהי דבר־יהוה אלי שנית
4 לאמר: קח את־האזור אשר קנית אשר על־מתניך
ה וקום לך פרתה וטמנהו שם בנקיק הסלע: ואלך
6 ואטמנהו בפרת כאשר צוה יהוה אותי: ויהי
מקץ ימים רבים ויאמר יהוה אלי קום לך פרתה וקח

מיט דיר גוטעס: 7 איך האב פערלאזט
מיין הויז, איך האב פערלאזט מיינע
נחלה, איך האב געגעבען דיא געליבטע
פון מיינע זעלע אין דיא האנד פון איהרע
פיינד: 8 מיר איז מיין ערבטהייל גע־
ווארען גלייך וויא א לייב אים וואלד,
זיא האט אויף מיר געגעבען (געשריען)
מיט איהר קול, דארום האב איך זיא
פיינד בעקומען: 9 איז א געפארבטער
פויגעל איין ערבטהייל צו מיר? איז דען
א רויב־פויגעל ארום איהר? געהט, פער־
זאמעלט אלע חיות פון דעם פעלד, ברענגט
זייא כדי זיא אויפצופרעסען: 10 פילע
פאסטוכער האבען פערדארבען מיין
וויינגארטען, זייא האבען צוטרעטען מיין
טהייל (פעלד), זייא האבען געגעבען מיין
גליסטיגען טהייל צו איינע פערוויסטע
מדבר: 11 זייא האבען עס וויסט גע־
מאכט, עס טרויערט איבער מיר וויא
איינע וויסטע, דאס גאנצע לאנד איז
פערוויסט געווארען, אבער עס איז ניט
דא א מענש וואס האט עס צו הארץ
געטהון: 12 אויף אלע הויכע ערטער אין
דער מדבר זענען געקומען צושטערער,
ווארין עס איז א שווערד צו דעם האר, עס פערצעהרט פון איין עק לאנד ביז צו דעם
אנדערן עק לאנד, עס איז קיין פרידען צו קיין פלייש: 13 זייא האבען געזייעט ווייץ,
אבער דערנער האבען זייא געשניטען, זייא האבען זיך געקוועהלט אונד קענען דעם
וואס ניצט ניט, דאריבער שעהמט אייך ווענען איירע תבואה (פרוכט) פון דעם גרימ־
צארן פון דעם האר: 14 אזוי האט דער האר געזאגט, אויף אלע מיינע שלעכטע
שכנים, וואס ריהרען אן דאס ערבטהייל וואס איך האב מיין פאלק ישראל געמאכט
ערבען, זעה, איך וועל זייא אויסרייסען פון זייער לאנד, אונד דאס הויז יהודה וועל
איך אויסרייסען פון צווישען זייא: 15 אונד עס וועט זיין נאכדעם דאס איך האב
זייא אויסגעריסען, וועל איך מיך אומקעהרען אונד איך וועל מיך דערבארעמען, אונד
איך וועל זייא צוריקברענגען איטליכען צו זיינע נחלה, אונד איטליכען צו זיין לאנד:
16 אונד עס וועט זיין, ווען זייא וועלען לערנען דיא וועגען פון מיין פאלק, צו
שווערען ביא מיין נאמען, אזוי וואהר וויא דער האר לעבט, גלייך וויא זייא האבען
געלערנט מיין פאלק צו שווערען בייא בעל, אזוי זאלען זייא געבויט ווערען
צווישען מיין פאלק: 17 ווען זייא וועלען אבער ניט הערען, אזוי וועל איך אויס־
רייסען דאס דאזיגע פאלק, אויסרייסען אונד פערטיליגען, זאגט דער האר:

קאפיטעל יג

1 אזוי האט דער האר צו מיר געזאגט, געה, אונד קויף דיר א גארטעל פון פלאקס,
אונד זאלסט איהם טהון אויף דיינע לענדען, אבער אין וואסער זאלסט דוא איהם ניט
ברענגען: 2 אזוי האב איך געקויפט דעם גארטעל נאך דעם ווארט פון דעם האר,
אונד איך האב איהם געטהון אויף מיינע לענדען: 3 אונד דאס ווארט פון דעם האר
איז געוועזען צו מיר א צווייטעס מאל, אזוי צו זאגען: 4 נעם דאס גארטעל וואס
דוא האסט געקויפט, וואס איז אויף דיינע לענדען אונד שטעה אויף אונד געה צו
דעם פרת, אונד דוא זאלסט איהם דארטען בעהאלטען אין דעם שפאלט פון דעם
פעלזען: 5 אזוי בין איך געגאנגען קיין פרת אונד איך האב איהם בעהאלטען בייא דעם
פרת, אזוי וויא דער האר האט מיר געבאטען: 6 אונד עס איז געוועזען אין דעם ענדע פון
פיל טעג, האט דער האר צו מיר געזאגט, שטעה אויף אונד געה צו דעם פרת, אונד נעם

פון

7 מִשָּׁם אֶת־הָאֵזוֹר אֲשֶׁר צִוִּיתִיךָ לְטָמְנוֹ־שָׁם׃ וָאֵלֵךְ פְּרָתָה
וָאֶחְפֹּר וָאֶקַּח אֶת־הָאֵזוֹר מִן־הַמָּקוֹם אֲשֶׁר־טְמַנְתִּיו שָׁמָּה
8 וְהִנֵּה נִשְׁחַת הָאֵזוֹר לֹא יִצְלַח לַכֹּל׃ וַיְהִי דְבַר־
9 יְהוָה אֵלַי לֵאמֹר׃ כֹּה אָמַר יְהוָה כָּכָה אַשְׁחִית אֶת־
י גְּאוֹן יְהוּדָה וְאֶת־גְּאוֹן יְרוּשָׁלִַם הָרָב׃ הָעָם הַזֶּה הָרָע
הַמֵּאֲנִים ׀ לִשְׁמוֹעַ אֶת־דְּבָרַי הַהֹלְכִים בִּשְׁרִרוּת לִבָּם
וַיֵּלְכוּ אַחֲרֵי אֱלֹהִים אֲחֵרִים לְעָבְדָם וּלְהִשְׁתַּחֲוֹת לָהֶם
11 וִיהִי כָּאֵזוֹר הַזֶּה אֲשֶׁר לֹא־יִצְלַח לַכֹּל׃ כִּי כַּאֲשֶׁר יִדְבַּק
הָאֵזוֹר אֶל־מָתְנֵי אִישׁ כֵּן הִדְבַּקְתִּי אֵלַי אֶת־כָּל־בֵּית
יִשְׂרָאֵל וְאֶת־כָּל־בֵּית יְהוּדָה נְאֻם־יְהוָה לִהְיוֹת לִי לְעָם
12 וּלְשֵׁם וְלִתְהִלָּה וּלְתִפְאָרֶת וְלֹא שָׁמֵעוּ׃ וְאָמַרְתָּ אֲלֵיהֶם
אֶת־הַדָּבָר הַזֶּה כֹּה־אָמַר יְהוָה אֱלֹהֵי יִשְׂרָאֵל כָּל־נֵבֶל
יִמָּלֵא יָיִן וְאָמְרוּ אֵלֶיךָ הֲיָדֹעַ לֹא נֵדַע כִּי כָל־נֵבֶל יִמָּלֵא
13 יָיִן׃ וְאָמַרְתָּ אֲלֵיהֶם כֹּה־אָמַר יְהוָה הִנְנִי מְמַלֵּא
אֶת־כָּל־יֹשְׁבֵי הָאָרֶץ הַזֹּאת וְאֶת־הַמְּלָכִים הַיֹּשְׁבִים לְדָוִד
עַל־כִּסְאוֹ וְאֶת־הַכֹּהֲנִים וְאֶת־הַנְּבִיאִים וְאֵת כָּל־יֹשְׁבֵי
14 יְרוּשָׁלִָם שִׁכָּרוֹן׃ וְנִפַּצְתִּים אִישׁ אֶל־אָחִיו וְהָאָבוֹת וְהַבָּנִים
יַחְדָּו נְאֻם־יְהוָה לֹא־אֶחְמוֹל וְלֹא־אָחוּס וְלֹא אֲרַחֵם
טו מֵהַשְׁחִיתָם׃ שִׁמְעוּ וְהַאֲזִינוּ אַל־תִּגְבָּהוּ כִּי יְהוָה דִּבֵּר׃
16 תְּנוּ לַיהוָה אֱלֹהֵיכֶם כָּבוֹד בְּטֶרֶם יַחְשִׁךְ וּבְטֶרֶם יִתְנַגְּפוּ
רַגְלֵיכֶם עַל־הָרֵי נָשֶׁף וְקִוִּיתֶם לְאוֹר וְשָׂמָהּ לְצַלְמָוֶת
17 יָשִׁית לַעֲרָפֶל׃ וְאִם לֹא תִשְׁמָעוּהָ בְּמִסְתָּרִים תִּבְכֶּה־
נַפְשִׁי מִפְּנֵי גֵוָה וְדָמֹעַ תִּדְמַע וְתֵרַד עֵינִי דִּמְעָה כִּי נִשְׁבָּה
18 עֵדֶר יְהוָה׃ אֱמֹר לַמֶּלֶךְ וְלַגְּבִירָה הַשְׁפִּילוּ שֵׁבוּ
19 כִּי יָרַד מַרְאֲשׁוֹתֵיכֶם עֲטֶרֶת תִּפְאַרְתְּכֶם׃ עָרֵי הַנֶּגֶב סֻגְּרוּ
וְאֵין פֹּתֵחַ הָגְלָת יְהוּדָה כֻּלָּהּ הָגְלָת שְׁלוֹמִים׃
כ שְׂאִי עֵינֵיכֶם וּרְאִי הַבָּאִים מִצָּפוֹן אַיֵּה הָעֵדֶר נִתַּן־לָךְ צֹאן

פוּן דָארְט דֶעם גַארְטֶעל וָואס אִיךְ הָאבּ דִיר גֶעבָּאטֶען אִיהְם דָארְט צוּ בֶּעהַאלְטֶען: 7 אַזוֹי בִּין אִיךְ גֶעגַאנְגֶען צוּ דֶעם פְּרָת, אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעגְרוּבֶּען, אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶענוּמֶען דֶעם גַארְטֶעל פוּן דֶעם אָרְט אַוְואוּ אִיךְ הָאבּ אִיהְם דָארְט בֶּעהַאלְטֶען, אוּנְד זֶעה, דֶער גַארְטֶעל אִיז פֶערְדָארְבֶּען גֶעוָוארֶען, אוּנְד הָאט צוּ קֵיין שׁוּם זַאךְ גֶעטוֹיגְט: 8 אוּנְד דָאס וָוארְט פוּן דֶעם הַאר אִיז גֶעוֶועזֶען צוּ מִיר, אַזוֹי צוּ זָאגֶען: 9 אַזוֹי הָאט דֶער הַאר גֶעזָאגְט, אַזוֹי וֶועל אִיךְ פֶערְדַארְבֶּען דֶעם שְׁטָאלְץ פוּן יְהוּדָה, אוּנְד דֶעם שְׁטָאלְץ פוּן יְרוּשָׁלַיִם וָואס אִיז גְרוֹיס: 10 דָאס דָא־זִיגֶע שְׁלֶעכְטֶע פָאלְק, וָואס זֵייא וִוילֶען נִיט הֶערֶען צוּ מֵיינֶע וֶוערְטֶער, וָואס זֵייא גֶעהְן אִין דִיא גֶעדַאנְקֶען פוּן זֵייעֶר הַארְץ, אוּנְד זֵייא זֶענֶען נָאכְגֶעגַאנְגֶען נָאךְ אַנְדֶערֶע גֶעטֶער, זֵייא צוּ דִינֶען, אוּנְד זִיךְ פַאר זֵייא צוּ בִּיקֶען, אַזוֹי זָאל עֶס וֶוערֶען וִויא דֶער דָאזִיגֶער גַארְטֶעל, וָואס עֶר טוֹיג נִיט צוּ קֵיין שׁוּם זַאךְ: 11 וָוארִין וִויא דֶער גַארְטֶעל וֶוערְט בֶּעהֶעפְט צוּ דִיא לֶענְדֶען פוּן אַ מֶענְשׁ אַזוֹי הָאבּ אִיךְ צוּ מִיר בֶּעהֶעפְט דָאס גַאנְצֶע הוֹיז פוּן יִשְׂרָאֵל אוּנְד דָאס גַאנְצֶע הוֹיז פוּן יְהוּדָה, זָאגְט דֶער הַאר, דָאס זֵייא זָאלֶען זֵיין מֵיין פָאלְק, צוּ אַ נָאמֶען אוּנְד צוּ אַ לוֹיבּ אוּנְד צוּ אֵיינֶע שֶׁעהְנְקֵייט, אָבֶּער זֵייא הָאבֶּען נִיט גֶעוָואלְט הֶערֶען: 12 אוּנְד דוּא זָאלְסְט צוּ זֵייא זָאגֶען דָאס דָאזִיגֶע וָוארְט, אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר, דֶער גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל, אִיטְלִיכֶער קְרוּג וֶוערְט גֶעפִילְט מִיט וַויין, אוּנְד זֵייא וֶועלֶען צוּ דִיר זָאגֶען, וֵוייסֶען מִיר דֶען נִיט אַז אִיטְלִיכֶער קְרוּג וֶוערְט גֶעפִילְט מִיט וַויין? 13 אַזוֹי זָאלְסְט דוּא צוּ זֵייא זָאגֶען, אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר, זֶעה, אִיךְ מַאךְ פוּל אַלֶע אֵיינְוְואוֹינֶער פוּן דֶעם דָאזִיגֶען לַאנְד, אוּנְד דִיא קֶענִיגֶע וָואס זִיצֶען אוֹיף דָוִד'ס שְׁטוּהְל, אוּנְד דִיא כֹּהֲנִים אוּנְד דִיא נְבִיאִים, אוּנְד אַלֶע אֵיינְוְואוֹינֶער פוּן יְרוּשָׁלַיִם מִיט שִׁכְרוּת: 14 אוּנְד אִיךְ וֶועל זֵייא צוּ־שְׁמֶעטֶערְן (צוּבְּרֶעקְלֶען) אֵיינֶעם צוּ דֶעם אַנְדֶערְן, אוּנְד דִיא עֶלְטֶערְן אוּנְד דִיא זִיהְן צוּזַאמֶען, זָאגְט דֶער הַאר, אִיךְ וֶועל מִיךְ נִיט דֶערְבַּארֶעמֶען, אוּנְד אִיךְ וֶועל נִיט שׁוֹינֶען, אוּנְד אִיךְ וֶועל נִיט רַחֲמָנוּת הָאבֶּען כְּדֵי אִיךְ זָאל זֵייא פֶערְדַארְבֶּען: 15 הֶערְט אוּנְד פֶערְנֶעמְט, אִיהְר זָאלְט נִיט שְׁטָאלְץ זֵיין, וָוארִין דֶער הַאר הָאט גֶערֶעט: 16 גֶעט צוּ דֶעם הַאר אֵייעֶר גָאט כָּבוֹד אֵיידֶער עֶר וֶועט פִינְסְטֶער מַאכֶען, אוּנְד אֵיידֶער אֵיירֶע פִיס וֶועלֶען זִיךְ אָנְשְׁטוֹיסֶען אוֹיף דִיא בֶּערְג פוּן פִינְסְטֶערְנִיס, וֶוען אִיהְר וֶועט הָאפֶען אוֹיף לִיכְטִיגְקֵייט, אוּנְד עֶר וֶועט עֶס מַאכֶען צוּ דֶעם טוֹיט־שָׁאטֶען, אוּנְד עֶר וֶועט עֶס מַאכֶען צוּ דֶעם שְׁוַארְצֶען וָואלְקֶען: 17 אָבֶּער וֶוען אִיהְר וֶועט נִיט הֶערֶען, אַזוֹי וֶועט אִין פֶערְבָּארְגֶענִים מֵיינֶע זֶעלֶע וֵויינֶען וֶועגֶען אֵייעֶר שְׁטָאלְץ, אוּנְד אִיךְ וֶועל טְרֶערֶען פֶערְגִיסֶען, יָא, מֵיין אוֹיג וֶועט רִינֶען טְרֶערֶען, וָוארִין עֶס וֶועט גֶעפַאנְגֶען וֶוערֶען דִיא סְטַאדֶע פוּן דֶעם הַאר: 18 זָאג צוּ דֶעם קֶענִיג אוּנְד צוּ דִיא פִירְשְׁטֶען, זֶעצְט אֵייךְ נִידֶערִיג, וָוארִין עֶס הָאט אַרוּפְּגֶענִידֶערְט פוּן אֵייעֶר קָאפּ אֵיירֶע הֶערְלִיכֶע קְרוֹין: 19 דִיא שְׁטֶעט פוּן דָרוֹם־זֵייט זֶענֶען פֶערְשְׁלָאסֶען, אוּנְד קֵיינֶער עֶפֶענְט נִיט, יְהוּדָה אִיז אִים גַאנְצֶען פֶערְטְרִיבֶּען גֶעוָוארֶען, גַאנְץ אִים גַאנְצֶען פֶערְטְרִיבֶּען: 20 הֶעבְּט אוֹיף אֵיירֶע אוֹיגֶען אוּנְד זֶעהְט, דִיא וָואס קוּמֶען פוּן צָפוֹן־זֵייט, וְואוּ אִיז דִיא סְטַאדֶע וָואס אִיז דִיר גֶעגֶעבֶּען גֶעוָוארֶען,

דיא

דיא שאנד פון דיינע שעהנקייט: 21 וואס
וועסט דוא זאגען ווען ער וועט איבער
דיר שטראפען, וואס דוא אליין האסט
זייא געלערנט צו זיין הארען איבער דיר,
צו הויפטלייט, וועלען דיך דען קיינע
וועהען ניט אנגרייפען, גלייך וויא א ווייב,
א געווינערין? 22 אונד ווען דוא וועסט
זאגען אין דיין הארץ, ווארום האט מיך
דאס דאזיגע געטראפען? וועגען דיינע
פילע זינד, וואס זענען אויפגעדעקט גע־
ווארען אויף דיינע זוימען, דיינע טריט
זענען אנטפלעקט געווארען: 23 קען
דען דער כושי זיינע הויט פערבייטען?
אדער איין פאנטער זיינע פלעקען? אזוי
וועט איהר ניט קענען גוטעס טהון ווען
איהר זענט געלערנט שלעכטעס צו טהון:
24 אונד איך וועל זייא צושפרייטען וויא
שטרויא וואס געהט אוועק פאר דעם
ווינד פון דער מדבר: 25 דאס איז דיין
גורל, דיין צוגעמאסטענעס טהייל פון
מיר, זאגט דער האר! ווייל דוא האסט
מיך פערגעסען, אונד האסט דיך פערזי־
כערט אויף פאלשקייט: 26 אונד איך
האב אויך אנטפלעקט דיינע זוימען פאר
דיין פנים, אז דיינע שאנד זאל געזעהען
ווערען? 27 דיין אונצוכט טרייבען (נאוף) אונד דיין יוכצען, דיינע זנות טרייבערייא
אויף דיא הויכע ערטער אין דעם פעלד, דיינע אומווירדיגקייט האב איך געזעהען,
וועה צו דיר ירושלים, דוא ווילסט ניט ריין ווערען, נאך ביז וויא לאנג זאל עס
דויערן?

תפארתך: מה־תאמרי כי־יפקד עליך ואת למדת אתם 21
עליך אלפים לראש הלוא חבלים יאחזוך כמו אשת לדה:
וכי תאמרי בלבבך מדוע קראני אלה ברב עונך נגלו 22
שוליך נחמסו עקביך: היהפך כושי עורו ונמר חברברתיו 23
גם־אתם תוכלו להיטיב למדי הרע: ואפיצם כקש עובר 24
לרוח מדבר: זה גורלך מנת־מדיך מאתי נאם־יהוה אשר כה
שכחת אותי ותבטחי בשקר: וגם־אני חשפתי שוליך על־ 26
פניך ונראה קלונך: נאפיך ומצהלותיך זמת זנותך על־ 27
גבעות בשדה ראיתי שקוציך אוי לך ירושלם לא תטהרי
אחרי מתי עד:

## יד

אשר היה דבר־יהוה אל־ירמיהו על־דברי הבצרות: א
אבלה יהודה ושעריה אמללו קדרו לארץ וצוחת 2
ירושלם עלתה: ואדיריהם שלחו צעוריהם למים באו 3
על־גבים לא־מצאו מים שבו כליהם ריקם בשו והכלמו
וחפו ראשם: בעבור האדמה חתה כי לא־היה גשם 4
בארץ בשו אכרים חפו ראשם: כי גם־אילת בשדה ה
ילדה ועזוב כי לא־היה דשא: ופראים עמדו על־שפים 6
שאפו רוח כתנים כלו עיניהם כי־אין עשב: אם־עונינו 7
ענו בנו יהוה עשה למען שמך כי־רבו משובתינו לך
חטאנו: מקוה ישראל מושיעו בעת צרה למה תהיה 8
כגר בארץ וכארח נטה ללון: למה תהיה כאיש נדהם 9
כגבור לא־יוכל להושיע ואתה בקרבנו יהוה ושמך
עלינו נקרא אל־תנחנו: כה־אמר יהוה לעם הזה י
כן אהבו לנוע רגליהם לא חשכו ויהוה לא רצם עתה
יזכר עונם ויפקד חטאתם: ויאמר יהוה אלי 11
אל־תתפלל בעד־העם הזה לטובה: כי יצמו אינני שמע 12

## קאפיטעל יד

1 דאס איז דאס ווארט פון דעם האר וואס איז געוועזען צו ירמיהו וועגען דעם
אויפהאלטען פון רעגען: 2 יהודה טרויערט, אונד איהרע טויערן זענען פערשמאכט,
זייא זענען פערשוואַרצט ביז צו דער ערד, אונד דאס געשרייא פון ירושלים געהט
ארויף: 3 אונד זייערע שטארקע האבען געשיקט זייערע יונגע צו דעם וואסער; זייא
זענען געקומען צו דיא גריבער, זייא האבען ניט געפונען קיין וואסער, זייא האבען
זיך צוריקגעקעהרט מיט לעדיגע כלים, זייא שעהמען זיך אונד זייא זענען פערווירט
אונד זייא בעדעקען זייער קאפ: 4 וועגען דער ערד וואס איז צובראכען, ווייל עס איז
ניט געוועזען קיין רעגען אין דעם לאנד שעהמען זיך דיא אקערלייט אונד בעדעקען זייער
קאפ: 5 וואַרין אויך דיא הינד אויף דעם פעלד האט געבוירען אונד האט פערלאזט,
ווארין עס איז ניט דא קיין גראז: 6 אונד דיא ווילדע עזעל שטעהען אויף דיא הויכע ערט־
טער, זייא שלינגען דיא לופט וויא דיא שאקאלען, זייערע אויגען זענען פערמאכט, ווייל
עס איז ניט דא קיין גראז: 7 ווען אונזערע זינד צייגען קעגען אונס, א האר, אזוי טהוא עס
וועגען דיין נאמען, ווארין אונזערע אפקעהרונגען זענען פיל, קעגען דיר האבען מיר גע־
זינדיגט: 8 דוא האפענונג פון ישראל, זיין העלפער אין דער צייט פון א צרה, ווארום
זאלסט דוא זיין וויא א פרעמדער אין דעם לאנד, אונד וויא א דורכרייזענדער וואס נייגט
(זיין געצעלט), כדי איבערצונעכטיגען: 9 ווארום זאלסט דוא זיין וויא א פערטומעלטער
מענש, וויא א גבור וואס קען ניט העלפען? אונד דוא ביסט דאך צווישען אונס, א האר,
אונד דיין נאמען ווערט איבער אונס גערופען, דוא זאלסט אונס ניט פערלאזען: 10 אזוי
האט דער האר געזאגט צו דעם דאזיגען פאלק, אזוי האבען זייא ליב געהאט זיך צו פערוואַ־
גלען, זייערע פיס האבען זייא ניט צוריקגעהאלטען, אבער דער האר האט זייא ניט בעוויליגט,
אצונד וועט ער זייערע זינד געדענקען אונד זייערע זינד וועט ער בעשטראפען: 11 אונד
דער האר האט צו מיר געזאגט, דוא זאלסט ניט בעטען פאר דעם דאזיגען פאלק צו גוטען:

ווען

אֶל־רִנָּתָם וְכִי יַעֲלוּ עֹלָה וּמִנְחָה אֵינֶנִּי רֹצָם כִּי בַּחֶרֶב
13 וּבָרָעָב וּבַדֶּבֶר אָנֹכִי מְכַלֶּה אוֹתָם׃ וָאֹמַר אֲהָהּ ׀ אֲדֹנָי
יֱהוִֹה הִנֵּה הַנְּבִאִים אֹמְרִים לָהֶם לֹא־תִרְאוּ חֶרֶב וְרָעָב
לֹא־יִהְיֶה לָכֶם כִּי־שְׁלוֹם אֱמֶת אֶתֵּן לָכֶם בַּמָּקוֹם הַזֶּה׃
14 וַיֹּאמֶר יְהוָֹה אֵלַי שֶׁקֶר הַנְּבִאִים נִבְּאִים בִּשְׁמִי
לֹא שְׁלַחְתִּים וְלֹא צִוִּיתִים וְלֹא דִבַּרְתִּי אֲלֵיהֶם חֲזוֹן שֶׁקֶר
וְקֶסֶם וֶאֱלוּל וְתַרְמוּת לִבָּם הֵמָּה מִתְנַבְּאִים לָכֶם׃
טו לָכֵן כֹּה־אָמַר יְהוָֹה עַל־הַנְּבִאִים הַנִּבְּאִים בִּשְׁמִי וַאֲנִי לֹא־
שְׁלַחְתִּים וְהֵמָּה אֹמְרִים חֶרֶב וְרָעָב לֹא יִהְיֶה בָּאָרֶץ הַזֹּאת
16 בַּחֶרֶב וּבָרָעָב יִתַּמּוּ הַנְּבִאִים הָהֵמָּה׃ וְהָעָם אֲשֶׁר־הֵמָּה
נִבְּאִים לָהֶם יִהְיוּ מֻשְׁלָכִים בְּחֻצוֹת יְרוּשָׁלַםִ מִפְּנֵי ׀ הָרָעָב
וְהַחֶרֶב וְאֵין מְקַבֵּר לָהֵמָּה הֵמָּה נְשֵׁיהֶם וּבְנֵיהֶם וּבְנֹתֵיהֶם
17 וְשָׁפַכְתִּי עֲלֵיהֶם אֶת־רָעָתָם׃ וְאָמַרְתָּ אֲלֵיהֶם אֶת־הַדָּבָר
הַזֶּה תֵּרַדְנָה עֵינַי דִּמְעָה לַיְלָה וְיוֹמָם וְאַל־תִּדְמֶינָה כִּי
שֶׁבֶר גָּדוֹל נִשְׁבְּרָה בְּתוּלַת בַּת־עַמִּי מַכָּה נַחְלָה מְאֹד׃
18 אִם־יָצָאתִי הַשָּׂדֶה וְהִנֵּה חַלְלֵי־חֶרֶב וְאִם בָּאתִי הָעִיר
וְהִנֵּה תַּחֲלוּאֵי רָעָב כִּי־גַם־נָבִיא גַם־כֹּהֵן סָחֲרוּ אֶל־אֶרֶץ
19 וְלֹא יָדָעוּ׃ הֲמָאֹס מָאַסְתָּ אֶת־יְהוּדָה אִם־בְּצִיּוֹן
גָּעֲלָה נַפְשֶׁךָ מַדּוּעַ הִכִּיתָנוּ וְאֵין לָנוּ מַרְפֵּא קַוֵּה לְשָׁלוֹם
כ וְאֵין טוֹב וּלְעֵת מַרְפֵּא וְהִנֵּה בְעָתָה׃ יָדַעְנוּ יְהוָֹה רִשְׁעֵנוּ
21 עֲוֹן אֲבוֹתֵינוּ כִּי חָטָאנוּ לָךְ׃ אַל־תִּנְאַץ לְמַעַן שִׁמְךָ
אַל־תְּנַבֵּל כִּסֵּא כְבוֹדֶךָ זְכֹר אַל־תָּפֵר בְּרִיתְךָ אִתָּנוּ׃
22 הֲיֵשׁ בְּהַבְלֵי הַגּוֹיִם מַגְשִׁמִים וְאִם־הַשָּׁמַיִם יִתְּנוּ רְבִבִים
הֲלֹא אַתָּה־הוּא יְהוָֹה אֱלֹהֵינוּ וּנְקַוֶּה־לָּךְ כִּי־אַתָּה עָשִׂיתָ
אֶת־כָּל־אֵלֶּה׃

## טו טו

א וַיֹּאמֶר יְהוָֹה אֵלַי אִם־יַעֲמֹד מֹשֶׁה וּשְׁמוּאֵל לְפָנַי אֵין

12 ווען זייא פאַסטען הער איך ניט צו זייער געשרייא, אונד ווען זייא ברענגען אויף אַ קרבן עולה אונד אַ מנחה בעוויליג איך ניט אין זייא, נייערט דורך שווערד אונד דורך הונגערס־נויטה, אונד דורך אַ פּעסט פערלענד איך זייא: 13 אונד איך האב געזאגט, אוי וועה, האר גאט, זעה דיא נביאים זאגען צו זייא, איהר וועט ניט זעהען דאס שווערד, אונד הונגער וועט בייא אייך ניט זיין, נייערט איין אמת׳ן שלום וועל איך אייך געבען אין דעם דאזיגען אָרט: 14 אונד דער האר האט צו מיר געזאגט, דיא נביאים זאגען פאַלשע נביאות אין מיין נאמען, איך האב זייא ניט געשיקט, אונד איך האב זייא ניט געבאָטען, אונד האב צו זייא ניט גערעט, פאַלשע זעהונג, אונד כשוף אונד געצענדינסט, אונד דורך בעטרוג פון זייער האַרץ זאגען זייא צו אייך נביאות: 15 דארום, אַזוי זאגט דער האר אויף דיא נביאים וואס זאגען אין מיין נאמען נביאות אונד איך האב זייא ניט געשיקט, אונד זייא זאגען, שווערד אונד הונגער׳ס־נויטה וועט אין דעם דאזיגען לאַנד ניט זיין, דורך דעם שווערד אונד הונגער וועלען זיך ענדיגען (אומקומען) דיא זעלביגע נביאים: 16 אונד דאס פאָלק, צו וועלכע זייא זאגען נביאות וועלען געוואָרפען ווערען אין דיא גאַסען פון ירושלים, וועגען דעם הונגער אונד וועגען דעם שווערד, אונד קיינער וועט ניט זיין ווער עס זאל זייא בעגראָבען, זייא אונד זיירע ווייבער, זיירע זיהן אונד זיירע טעכטער, אונד איך וועל זייער שלעכטעס איבער זייא אויסגיסען: 17 אונד דוא זאלסט צו זייא זאגען דאס דאזיגע וואָרט, עס וועלען רינען טרערען פון מיינע אויגען, בייא טאג אונד בייא נאַכט, אונד וועלען ניט שטיל בלייבען, וואָרין אַ גרויסער בראָך האט צובראָכען דיא יונגפרויא, דיא טאָכטער פון מיין פאָלק, מיט אַ זעהר קראַנקער וואונד: 18 ווען איך געה אַרויס אויף דעם פעלד, אונד זעה, דיא דערשלאָגענע מיט דעם שווערד, אונד ווען איך קום אין דער שטאָט אַריין, אונד זעה, דאָ זענען געקרענקטע פון דעם הונגער, וואָרין אַזוי וויא דער נביא אַזוי אויך דער כהן שלעפּט זיך אַרום איבער דעם לאַנד אונד ווייסען ניט (וואס צו טהון): 19 האסט דוא דען יהודה פערהאַסט? אָדער האט דיינע זעלע פעראומווירדיגט ציון? וואָרום האסט דוא אונס אַזוי געשלאָגען, דאס מיר האָבען ניט קיינע היילונג? מיר האָבען געהאָפט אויף שלום, אָבער עס איז קיין גוטעס—אויף אַ צייט פון היילונג, אָבער זעה, עס איז נור שרעקעניס: 20 מיר דערקענען, אָ האר, אונזערע שלעכטיגקייט, דיא זינד פון אונזערע עלטערן, דאס מיר האָבען קעגען דיר געזינדיגט: 21 דוא זאלסט אונס ניט פערוואַרפען אום דיין נאמען׳ס וועגען, דוא זאלסט ניט צו שאַנדע מאַכען דעם שטוהל פון דיינע עהרע, געדענק, אַז דוא זאלסט ניט צושטער׳ען דיין בונד מיט אונס: 22 איז דען דאָ צווישען דיא געצען פון דיא גוים (היידען) אַזאלכע וואס זאלען געבען רעגען, אָדער קענען דיא הימעל געבען שפּרייא־רעגען? ביסט דוא עס ניט, דער האר, אונזער גאָט, אונד אויף דיר וועלען מיר האָפען, וואָרין דוא האסט אַלעס דאס דאזיגע געמאַכט:

## קאפיטעל טו

1 אונד דער האר האט צו מיר געזאגט, ווען משה אונד שמואל זאלען פאַר מיר שטעהן,

נַפְשִׁי אֶל־הָעָם הַזֶּה שַׁלַּח מֵעַל־פָּנַי וְיֵצֵאוּ׃ וְהָיָה כִּי־ 2
יֹאמְרוּ אֵלֶיךָ אָנָה נֵצֵא וְאָמַרְתָּ אֲלֵיהֶם כֹּה־אָמַר יְהוָה
אֲשֶׁר לַמָּוֶת לַמָּוֶת וַאֲשֶׁר לַחֶרֶב לַחֶרֶב וַאֲשֶׁר לָרָעָב
לָרָעָב וַאֲשֶׁר לַשְּׁבִי לַשֶּׁבִי׃ וּפָקַדְתִּי עֲלֵיהֶם אַרְבַּע 3
מִשְׁפָּחוֹת נְאֻם־יְהוָה אֶת־הַחֶרֶב לַהֲרֹג וְאֶת־הַכְּלָבִים
לִסְחֹב וְאֶת־עוֹף הַשָּׁמַיִם וְאֶת־בֶּהֱמַת הָאָרֶץ לֶאֱכֹל
וּלְהַשְׁחִית׃ וּנְתַתִּים לְזַוָּעָה לְכֹל מַמְלְכוֹת הָאָרֶץ בִּגְלַל 4
מְנַשֶּׁה בֶן־יְחִזְקִיָּהוּ מֶלֶךְ יְהוּדָה עַל אֲשֶׁר־עָשָׂה בִּירוּשָׁלִָם׃
כִּי מִי־יַחְמֹל עָלַיִךְ יְרוּשָׁלִַם וּמִי יָנוּד לָךְ וּמִי יָסוּר ה
לִשְׁאֹל לְשָׁלֹם לָךְ׃ אַתְּ נָטַשְׁתְּ אֹתִי נְאֻם־יְהוָה אָחוֹר 6
תֵּלֵכִי וָאַט אֶת־יָדִי עָלַיִךְ וָאַשְׁחִיתֵךְ נִלְאֵיתִי הִנָּחֵם׃
וָאֶזְרֵם בְּמִזְרֶה בְּשַׁעֲרֵי הָאָרֶץ שִׁכַּלְתִּי אִבַּדְתִּי אֶת־עַמִּי 7
מִדַּרְכֵיהֶם לוֹא שָׁבוּ׃ עָצְמוּ־לִי אַלְמְנוֹתָו מֵחוֹל יַמִּים 8
הֵבֵאתִי לָהֶם עַל־אֵם בָּחוּר שֹׁדֵד בַּצָּהֳרָיִם הִפַּלְתִּי עָלֶיהָ
פִּתְאֹם עִיר וּבֶהָלוֹת׃ אֻמְלְלָה יֹלֶדֶת הַשִּׁבְעָה נָפְחָה נַפְשָׁהּ 9
בָּאָה שִׁמְשָׁהּ בְּעֹד יוֹמָם בּוֹשָׁה וְחָפֵרָה וּשְׁאֵרִיתָם לַחֶרֶב
אֶתֵּן לִפְנֵי אֹיְבֵיהֶם נְאֻם־יְהוָה׃ אוֹי־לִי אִמִּי כִּי י
יְלִדְתִּנִי אִישׁ רִיב וְאִישׁ מָדוֹן לְכָל־הָאָרֶץ לֹא־נָשִׁיתִי וְלֹא־
נָשׁוּ־בִי כֻּלֹּה מְקַלְלַונִי׃ אָמַר יְהוָה אִם־לֹא שֵׁרוֹתִךָ לְטוֹב 11
אִם־לוֹא ׀ הִפְגַּעְתִּי בְךָ בְּעֵת רָעָה וּבְעֵת צָרָה אֶת־הָאֹיֵב׃
הֲיָרֹעַ בַּרְזֶל ׀ בַּרְזֶל מִצָּפוֹן וּנְחֹשֶׁת׃ חֵילְךָ וְאוֹצְרוֹתֶיךָ 12 13
לָבַז אֶתֵּן לֹא בִמְחִיר וּבְכָל־חַטֹּאותֶיךָ וּבְכָל־גְּבוּלֶיךָ׃
וְהַעֲבַרְתִּי אֶת־אֹיְבֶיךָ בְּאֶרֶץ לֹא יָדָעְתָּ כִּי־אֵשׁ קָדְחָה 14
בְאַפִּי עֲלֵיכֶם תּוּקָד׃ אַתָּה יָדַעְתָּ יְהוָה זָכְרֵנִי טו
וּפָקְדֵנִי וְהִנָּקֶם לִי מֵרֹדְפַי אַל־לְאֶרֶךְ אַפְּךָ תִּקָּחֵנִי דַּע
שְׂאֵתִי עָלֶיךָ חֶרְפָּה׃ נִמְצְאוּ דְבָרֶיךָ וָאֹכְלֵם וַיְהִי דְבָרֶיךָ 16
לִי לְשָׂשׂוֹן וּלְשִׂמְחַת לְבָבִי כִּי־נִקְרָא שִׁמְךָ עָלַי יְהוָה

ווערט דאך מיינע זעלע ניט (בעגעהרען) צו דעם דאזיגען פאלק, שיק זייא אוועק פון מיין פנים אז זייא זאלען ארויסגעהן: 2 אונד עס וועט זיין ווען זייא וועלען צו דיר זאגען, וואו אהין זאלען מיר אוועקגעהן, אזוי זאלסט דוא צו זייא זאגען, אזוי זאגט דער האר, ווער עס איז בעשטימט צו דעם טויט, דער איז צו דעם טויט, אונד ווער צו דעם שווערד — דער איז צו דעם שווערד, אונד דער וואס איז צו דעם הונגער — איז צו דעם הונגער, אונד דער וואס איז צו דער געפאנגענשאפט — דער איז צו דער געפאנגענשאפט: 3 אונד איך וועל איבער זייא אויפנעמען פיער משפחות, זאגט דער האר, דאס שווערד צו טייטען, אונד דיא הינד אוועקצושלעפען, אונד דיא פעגעל פון דעם הימעל אונד דיא חיות פון דעם לאנד, צו פרעסען אונד צו פערדארבען: 4 אונד איך וועל זייא געבען צו א ציטערנים צו אלע קעניגרייכע פון דער ערד, וועגען מנשה דעם זוהן פון חזקיהו, קעניג פון יהודה, וועגען דעם וואס ער האט געטהון אין ירושלים: 5 ווארין ווער וועט זיך דערבארמען איבער דיר, א ירושלים, אדער ווער וועט דיך בעדויערן? אדער ווער וועט זיך קעהרען צו פרעגען נאך דיין שלום? 6 דוא האסט מיך פערלאזט זאגט דער האר, דוא ביסט צוריקגעגאנגען, אזוי האב איך מיינע האנד גענייגט קעגען דיר, דאס איך זאל דיך פערדארבען, איך בין מיד געווארען פון מיך צו בעדענקען: 7 אונד איך האב זייא געווארפען מיט דער ווארף־שויפעל אין דיא טויערן פון דעם לאנד, איך האב זייא לויז געמאכט פון קינדער, איך האב פערטיליגט מיין פאלק, דאך האבען זייא זיך ניט צוריקגעקעהרט פון זייערע וועגען: 8 זיינע אלמנות זענען שטארקער געווארען (אין צאהל) מעהר פון דעם זאמד פון דיא ימים, אונד איך האב צו זייא געבראכט, אויף דיא מוטער פון דעם אויסדערוועהלטען, דעם צושטערער אין מיטען טאג, איך האב געמאכט פלוצלינג איבער זייא פאלען דעם פיינד (אדער איין בראך) אונד שרעקעניס: 9 דיא וואס האט געבוירען זיבען איז פערשמאכט, זיא האט אויסגעאטעמט איהרע נשמה, איהר זון איז אונטערגעגאנגען ווען עס איז נאך טאג געוועזען, זיא האט זיך געשעהמט אונד איז בלאס געווארען, אונד זייערע איבערגעבליבענע וועל איך צו דעם שווערד געבען פאר זייערע פיינד, זאגט דער האר: 10 וועה איז מיר, מיינע מוטער, דאס דוא האסט מיך געבוירען, א מאן פון שטרייט אונד א מאן פון קריג צו דעם גאנצען לאנד, איך האב פון קיינעם קיין שולד־געלד ניט געמאנט, אונד קיינער האט ביי מיר ניט געמאנט, דאך שעלטען מיך אלע: 11 דער האר האט געזאגט, זאל איך דען ניט בעדרענגען, (אדער דיין איבערבלייבונג) צום גוטען, האב איך געזאלט ביי דיר בעגעגענען (אדער בעטען) אין דער צייט פון שלעכטעס, אונד אין דער צייט פון דעם בעדרענגעניס פון דעם פיינד? 12 ווערט דען אייזען צוברעכען? אייזען אונד קופער פון צפון־זייט: 13 דיין פערמעגען אונד דיינע אוצרות וועל איך געבען צו דעם רויב, אהן קויף־פרייז; וועגען אלע דיינע זינד, אונד אין אלע דיינע גרענעצען: 14 אונד איך וועל דיך דורכפיהרען מיט דיינע פיינד אין א לאנד וואס דוא קענסט ניט, ווארין א פייער איז אנגעצינדען אין מיין צארן עס זאל אויף אייך ברענען: 15 דוא ווייסט עס א האר! געדענק אן מיר, אונד געב אכטונג אויף מיר, אונד נעם פאר מיר נקמה פון מיינע נאכיאגער, נעם מיך ניט אוועק נאך דיין לאנגען צארן, דוא זאלסט דאך דערקענען, דאס איך טראג וועגען דיר שאנד: 16 דיינע ווערטער זענען געפונען געווארען, אונד איך האב זייא (זיא) אויפגעגעסען, אונד דיינע ווערטער זענען צו מיר געווארען צו פרייד, אונד צו פרעהליכקייט פון מיין הארץ,

ווארין

17 אלהי צבאות: לא־ישבתי בסוד־משחקים ואעלז מפני
18 ידך בדד ישבתי כי־זעם מלאתני: למה היה כאבי נצח
ומכתי אנושה מאנה הרפא היו תהיה לי כמו אכזב מים
19 לא נאמנו: לכן כה־אמר יהוה אם־תשוב ואשיבך
לפני תעמד ואם־תוציא יקר מזולל כפי תהיה ישבו המה
כ אליך ואתה לא־תשוב אליהם: ונתתיך לעם הזה לחומת
נחשת בצורה ונלחמו אליך ולא־יוכלו לך כי־אתך אני
21 להושיעך ולהצילך נאם־יהוה: והצלתיך מיד רעים
ופדתיך מכף עריצים:

## טז טז

2 א ויהי דבר־יהוה אלי לאמר: לא־תקח לך אשה ולא־
3 יהיו לך בנים ובנות במקום הזה: כי־כה | אמר
יהוה על־הבנים ועל־הבנות הילודים במקום הזה ועל־
אמתם הילדות אותם ועל־אבותם המולדים אותם בארץ
4 הזאת: ממותי תחלאים ימתו לא יספדו ולא יקברו
לדמן על־פני האדמה יהיו ובחרב וברעב יכלו והיתה
נבלתם למאכל לעוף השמים ולבהמת הארץ:
ה כי־כה | אמר יהוה אל־תבוא בית מרזח ואל־תלך
לספוד ואל־תנד להם כי־אספתי את־שלומי מאת העם
6 הזה נאם־יהוה את־החסד ואת־הרחמים: ומתו גדלים
וקטנים בארץ הזאת לא יקברו ולא־יספדו להם ולא
7 יתגדד ולא יקרח להם: ולא־יפרסו להם על־אבל
לנחמו על־מת ולא־ישקו אותם כוס תנחומים על־אביו
8 ועל־אמו: ובית־משתה לא־תבוא לשבת אותם לאכל
9 ולשתות: כי כה אמר יהוה צבאות אלהי ישראל
הנני משבית מן־המקום הזה לעיניכם ובימיכם קול
י ששון וקול שמחה קול חתן וקול כלה: והיה כי תגיד
לעם הזה את כל־הדברים האלה ואמרו אליך על־

ווארין דיין נאמען איז אויף מיר גערופען, א האר, גאט צבאות: 17 איך בין ניט געזעסען אין דער פערזאמלונג פון דיא שפעטערס דאס איך האב מיך געפרייט, פון וועגען דיינע האנד בין איך אליין געזעסען, ווארין מיט פערדראס האסט דוא מיך פול געמאכט: 18 פארוואס איז מיין שמערץ געווארען דויערהאפט, אונד מיינע וואונד אן האפענונג. אונד וויל זיך ניט היילען? דוא ביסט צו מיר געווארען וויא א פאלש וואסער, אונד ניט וויא טריי־עם: 19 דארום, אזוי זאגט דער האר, ווען דוא וועסט דיך אומקעהרען, אזוי וועל איך דיך אויך אומקעהרען אז דוא זאלסט פאר מיר שטעהן בלייבען, אונד ווען דוא וועסט דאס טייערע פון דעם שלעכטען ארויס־ברענגען, אזוי זאלסט דוא זיין וויא מיין מויל, זייא זאלען זיך צו דיר קעהרען, אבער דוא זאלסט דיך ניט צו זייא קעהרען: 20 אונד איך וועל דיך מאכען צו דעם דא־זיגען פאלק פאר א קופערנע מויער, צו א פעסטונג, אונד זייא וועלען שטרייטען קעגען דיר אבער זייא וועלען דיך ניט בייקומען, ווארין איך בין מיט דיר, כדי דיר צו העלפען אונד דיך מציל צו זיין, זאגט דער האר: 21 אונד איך וועל דיך מציל זיין פון דיא הענד פון דיא שלעכטע, אונד איך וועל דיך אויסלעזען פון דיא פויסט פון דיא שטארקע:

### קאפיטעל טז

1 אונד דאס ווארט פון דעם האר איז געוועזען צו מיר, אזוי צו זאגען: 2 דוא זאלסט צו דיר קיין ווייב נעמען, אונד עס זאל צו דיר קיין זיהן אונד טעכטער זיין אין דעם דאזיגען ארט: 3 ווארין אזוי זאגט דער האר וועגען דיא זיהן אונד דיא טעכטער, וואס וועלען געבוירען ווערען אין דעם דאזיגען ארט, אונד וועגען זייערע מוטערס וואס האבען זייא געבוירען, אונד וועגען זייערע עלטערן (פאטערס) וואס האבען זייא געצייגט אין דעם דאזיגען לאנד: 4 א שמערצליכען טויט זאלען זייא שטארבען, זייא זאלען ניט בע־קלאגט ווערען אונד ניט בעגראבען ווערען, צו מיסט אויף דעם לאנד זאלען זייא זיין, אונד דורך דעם שווערד אונד הונגער זאלען זייא פערלענד ווערען, אונד זייערע טויטע קערפער זאלען זיין צו שפייז צו דיא פעגעל אונטער דעם הימעל אונד צו דיא חיות פון דעם לאנד: 5 ווארין אזוי זאגט דער האר, דוא זאלסט ניט קומען אין דעם הויז פון טרויער, אונד דוא זאלסט ניט געהן צו בעקלאגען, אונד זייא צו בעטרויערען, ווארין איך האב אוועקגענומען מיין פרידען פון דעם דאזיגען פאלק, זאגט דער האר, דיא גנאד אונד בארמהערציגקייט: 6 אונד עס וועלען שטארבען גרויסע אונד קליינע אין דעם דאזיגען לאנד, זייא וועלען ניט בעגראבען ווערען, אונד מען וועט זייא ניט בעקלאגען, אונד מען וועט זיך ניט קראצען וועגען זייא, אונד מען וועט זיך ניט קאהל מאכען וועגען זייא: 7 אונד מען וועט ניט ברויט ברעכען וועגען זייא, כדי דעם טרויריגען צו טרייסטען וועגען דעם טויטען, אונד מען זאל זייא ניט געבען צו טרינקען דעם כוס פון טרייסט וועגען זיין פאטער אדער וועגען זיינע מוטער: 8 אונד אין דעם שענק־הויז זאלסט דוא ניט קומען מיט זייא צו זיצען, צו עסען אונד צו טרינקען: 9 ווארין אזוי זאגט דער האר צבאות, דער גאט פון ישראל, זעה, איך מאך פערשטערען פון דעם דאזיגען ארט פאר אייערע אויגען אונד אין אייערע טעג דאס קול פון שמחה, דאס קול פון דעם חתן אונד דאס קול פון דער כלה! 10 אונד עס וועט זיין, ווען דוא וועסט אנזאגען צו דעם דאזיגען פאלק אלע דיא דאזיגע ווערטער, אזוי וועלען זייא צו דיר זאגען, איבער

וואס

מה דבר יהוה עלינו את כל־הרעה הגדולה הזאת ומה
11 עוננו ומה חטאתנו אשר חטאנו ליהוה אלהינו: ואמרת
אליהם על אשר־עזבו אבותיכם אותי נאם־יהוה וילכו
אחרי אלהים אחרים ויעבדום וישתחוו להם ואתי עזבו
12 ואת־תורתי לא שמרו: ואתם הרעתם לעשות מאבתיכם
והנכם הלכים איש אחרי שררות לבו־הרע לבלתי
13 שמע אלי: והטלתי אתכם מעל הארץ הזאת על־
הארץ אשר לא ידעתם אתם ואבותיכם ועבדתם־שם
את־אלהים אחרים יומם ולילה אשר לא־אתן לכם
14 חנינה: לכן הנה־ימים באים נאם־יהוה ולא־יאמר
עוד חי־יהוה אשר העלה את־בני ישראל מארץ מצרים:
טו כי אם־חי־יהוה אשר העלה את־בני ישראל מארץ צפון
ומכל הארצות אשר הדיחם שמה והשבתים על־
16 אדמתם אשר נתתי לאבותם: הנני שלח
לדוגים רבים נאם־יהוה ודיגום ואחרי־כן אשלח לרבים
צידים וצדום מעל כל־הר ומעל כל־גבעה ומנקיקי
17 הסלעים: כי עיני על־כל־דרכיהם לא נסתרו מלפני
18 ולא־נצפן עונם מנגד עיני: ושלמתי ראשונה משנה
עונם וחטאתם על חללם את־ארצי בנבלת שקוציהם
19 ותועבותיהם מלאו את־נחלתי: יהוה עזי ומעזי
ומנוסי ביום צרה אליך גוים יבאו מאפסי־ארץ ויאמרו
אך־שקר נחלו אבותינו הבל ואין־בם מועיל: היעשה־
21 לו אדם אלהים והמה לא אלהים: לכן הנני מודיעם
בפעם הזאת אודיעם את־ידי ואת־גבורתי וידעו כי־
שמי יהוה:

ת יז

א חטאת יהודה כתובה בעט ברזל בצפרן שמיר חרושה

וואס האט דער האר גערעט וועגען אונס אלעם דאס דאזיגע שלעכטע? אונד וואס איז אונזערע שולד אונד אונזערע זינד וואס מיר האבען געזינדיגט צו דעם האר, אונזער גאט? 11 אזוי זאלסט דוא צו זייא זאגען, ווייל איירע עלטערן האבען מיך פערלאזט, זאגט דער האר, אונד זייא זענען נאכגעגאנגען פרעמדע געטער, אונד האבען זייא געדינט אונד האבען זיך צו זייא געביקט, אונד מיך האבען זייא פערלאזט אונד מיינע תורה האבען זייא ניט געהאלטען: 12 אונד איהר האט נאך ערגער געטהון ווי איירע עלטערן, אונד איהר געהט איטליכער נאך דעם טראכטען פון זיין שלעכטען הארץ, כדי מיך ניט צו הערען: 13 אונד אזוי וועל איך אייך אוועקווארפען פון דעם דאזיגען לאנד, אין א לאנד, וואס איהר האט ניט געקענט, אונד אויך ניט איירע עלטערן, אונד דארט וועט איהר דינען פרעמדע געטער טאג אונד נאכט, ווייל איך וועל אייך קיינע בארמהערציגקייט געבען: 14 דארום זעה, עס קומען אן טעג, זאגט דער האר, דאס עס וועט ניט מעהר געזאגט ווערען, אזוי וואהר ווי דער האר לעבט, וואס האט ארויסגעפיהרט די קינדער ישראל פון דעם לאנד מצרים: 15 נייערט, אזוי וואהר ווי דער האר לעבט, וואס האט ארויסגעבראכט די קינדער ישראל פון צפון־לאנד, אונד פון אלע לענדער, אוואו ער האט זייא דארטען פערשטויסען! אונד איך וועל זייא צוריקברענגען צו זייער לאנד, וואס איך האב געגעבען צו זיירע עלטערן: 16 זעה, איך שיק נאך פיל פישער, זאגט דער האר, אונד זייא זאלען זייא פישען (פאנגען), אונד דערנאך וועל איך שיקען נאך פיל יעגער, אונד זייא זאלען זייא פערזאגען פון איטליכען בארג, אונד פון איטליכען היגעל אונד פון די שפאלטען פון די פעלזען: 17 וואריין מיינע אויגען זענען איבער אלע זיירע וועגען, זייא זענען ניט פערבארגען פאר מיר, אונד זיירע עונות זענען ניט פערדעקט פון מיינע אויגען: 18 אונד איך וועל בעצאלען צו דעם ערשטען זיירע דאפעלטע שולד אונד זיירע זינד, ווייל זייא האבען פערשוואכט מיין לאנד מיט די טויטע קערפער פון זיירע אומווירדיגקייט, זייא האבען (דערמיט) מיינע נחלה פול געמאכט: 19 א האר, מיינע שטארקייט אונד מיינע פעסטונג, אונד מיינע רעטונג אין דעם טאג פון א צרה, צו דיר וועלען פעלקער קומען פון די ענדען פון דער ערד אונד זייא וועלען זאגען, נור ליגען האבען אונזערע עלטערן געערבט, נארישקייט, אונד אונטער זייא איז ניט דא וואס עס זאל קענען נוצען: 20 זאל זיך א מענש מאכען געטער? אבער זייא זענען דאך קיינע געטער: 21 דארום זעה, איך לאז זייא דיזעם מאל וויסען, איך וועל זייא מאכען דערקענען מיינע האנד אונד מיינע שטארקייט, אונד זייא וועלען דערקענען דאס מיין נאמען איז יהוה:

## קאפיטעל יז

1 די זינד פון יהודה איז אויפגעשריבען מיט איינע אייזערנע פעדער, מיט א שפיץ פון א דימאנט, אויסגעקריצט אויף דער טאבעל פון זייער הארץ, אונד

2 עַל־לוּחַ לִבָּם וּלְקַרְנוֹת מִזְבְּחוֹתֵיכֶם: כִּזְכֹּר בְּנֵיהֶם
מִזְבְּחוֹתָם וַאֲשֵׁרֵיהֶם עַל־עֵץ רַעֲנָן עַל גְּבָעוֹת הַגְּבֹהוֹת:
3 הֲרָרִי בַּשָּׂדֶה חֵילְךָ כָל־אוֹצְרוֹתֶיךָ לָבַז אֶתֵּן בָּמֹתֶיךָ
4 בְּחַטָּאת בְּכָל־גְּבוּלֶיךָ: וְשָׁמַטְתָּה וּבְךָ מִנַּחֲלָתְךָ אֲשֶׁר
נָתַתִּי לָךְ וְהַעֲבַדְתִּיךָ אֶת־אֹיְבֶיךָ בָּאָרֶץ אֲשֶׁר לֹא־יָדָעְתָּ
ה כִּי־אֵשׁ קְדַחְתֶּם בְּאַפִּי עַד־עוֹלָם תּוּקָד: כֹּה | אָמַר
יְהוָה אָרוּר הַגֶּבֶר אֲשֶׁר יִבְטַח בָּאָדָם וְשָׂם בָּשָׂר זְרֹעוֹ
6 וּמִן־יְהוָה יָסוּר לִבּוֹ: וְהָיָה כְּעַרְעָר בָּעֲרָבָה וְלֹא יִרְאֶה
כִּי־יָבוֹא טוֹב וְשָׁכַן חֲרֵרִים בַּמִּדְבָּר אֶרֶץ מְלֵחָה וְלֹא
7 תֵשֵׁב: בָּרוּךְ הַגֶּבֶר אֲשֶׁר יִבְטַח בַּיהוָה וְהָיָה
8 יְהוָה מִבְטַחוֹ: וְהָיָה כְּעֵץ | שָׁתוּל עַל־מַיִם וְעַל־יוּבַל
יְשַׁלַּח שָׁרָשָׁיו וְלֹא יִרְאֶ כִּי־יָבֹא חֹם וְהָיָה עָלֵהוּ רַעֲנָן
9 וּבִשְׁנַת בַּצֹּרֶת לֹא יִדְאָג וְלֹא יָמִישׁ מֵעֲשׂוֹת פֶּרִי: עָקֹב
י הַלֵּב מִכֹּל וְאָנֻשׁ הוּא מִי יֵדָעֶנּוּ: אֲנִי יְהוָה חֹקֵר לֵב בֹּחֵן
11 כְּלָיוֹת וְלָתֵת לְאִישׁ כִּדְרָכָו כִּפְרִי מַעֲלָלָיו: קֹרֵא
דָגַר וְלֹא יָלָד עֹשֶׂה עֹשֶׁר וְלֹא בְמִשְׁפָּט בַּחֲצִי יָמָו יַעַזְבֶנּוּ
12 וּבְאַחֲרִיתוֹ יִהְיֶה נָבָל: כִּסֵּא כָבוֹד מָרוֹם מֵרִאשׁוֹן מְקוֹם
13 מִקְדָּשֵׁנוּ: מִקְוֵה יִשְׂרָאֵל יְהוָה כָּל־עֹזְבֶיךָ יֵבֹשׁוּ יְסוּרַי
בָּאָרֶץ יִכָּתֵבוּ כִּי עָזְבוּ מְקוֹר מַיִם־חַיִּים אֶת־יְהוָה:
14 רְפָאֵנִי יְהוָה וְאֵרָפֵא הוֹשִׁיעֵנִי וְאִוָּשֵׁעָה כִּי תְהִלָּתִי אָתָּה: •
טו 16 הִנֵּה־הֵמָּה אֹמְרִים אֵלָי אַיֵּה דְבַר־יְהוָה יָבוֹא נָא: וַאֲנִי
לֹא־אַצְתִּי | מֵרֹעֶה אַחֲרֶיךָ וְיוֹם אָנוּשׁ לֹא הִתְאַוֵּיתִי אַתָּה
17 יָדָעְתָּ מוֹצָא שְׂפָתַי נֹכַח פָּנֶיךָ הָיָה: אַל־תִּהְיֵה־לִי לִמְחִתָּה
18 מַחֲסִי אַתָּה בְּיוֹם רָעָה: יֵבֹשׁוּ רֹדְפַי וְאַל־אֵבֹשָׁה אָנִי
יֵחַתּוּ הֵמָּה וְאַל־אֵחַתָּה אָנִי הָבִיא עֲלֵיהֶם יוֹם רָעָה וּמִשְׁנֶה
19 שִׁבָּרוֹן שָׁבְרֵם: כֹּה־אָמַר יְהוָה אֵלַי הָלֹךְ וְעָמַדְתָּ

אוּנְד אַן דִיא הֶערְנֶער פוּן זַיירֶע מִזְבְּחוֹת: 2 אַזוֹי וְויא זַיירֶע קִינְדֶער גֶעדֶענְקֶען זַיירֶע מִזְבְּחוֹת אוּנְד זַיירֶע לִינְדֶען־בֵּיימֶער בַּייא דִיא גְרִינֶע בֵּיימֶער אוֹיף דִיא הוֹיכֶע הִיגֶעלְן: 3 מַיינֶע בַּארְג אוֹיף דֶעם פֶעלְד! דַיין פֶערְמֶעגֶען, אַלֶע דַיינֶע אוֹצָרוֹת וֶועל אִיךְ גֶעבֶּען צוּ דֶעם רוֹיב, אוֹיךְ דַיינֶע בָּמוֹת, וֶועגֶען דִיא זִינְד וָואס אִיז אִין אַלֶע דַיינֶע גְרֶענְעֶצֶען: 4 אוּנְד דוּא וֶועסְט אָפְּלָאזֶען (דַיינֶע אַרְבַּייט), יָא, דוּא אַלֵיין פוּן דַיינֶע נַחֲלָה, וָואס אִיךְ הָאבּ דִיר גֶעגֶעבֶּען, אוּנְד אִיךְ וֶועל דִיךְ מַאכֶען דִינֶען דַיינֶע פַיינְד אִין אַ לַאנְד, וָואס דוּא קֶענְסְט נִיט, וָוארִין אִיהְר הָאט אָנְגֶעצוּנְדֶען אַ פַייעֶר אִין מַיין צָארְן, אַז עֶס זָאל עֶבִּיג בְּרֶענֶען: 5 אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר, פֶערְפְלוּכְט אִיז דֶער מַאן, וָואס פֶערְזִיכֶערְט זִיךְ אוֹיף אַ מֶענְשׁ, אוּנְד מַאכְט פְלֵיישׁ צוּ זַיינֶע שְׁטַארְקֵייט (אָרֶעם) אוּנְד קֶעהֶערְט אָפּ מִיט זַיין הַארְץ פוּן דֶעם הַאר: 6 עֶר וֶועט זַיין וְויא אַ נַאקֶעטֶער בּוֹים אִין דֶער מִדְבָּר, אוּנְד עֶר וֶועט נִיט זֶעהֶען וֶוען עֶס קוּמְט גוּטֶעס, אוּנְד עֶר וֶועט וְואוֹינֶען אִין אַ דַארֶען אָרְט אִין דֶער מִדְבָּר, אִין אַ גֶעזַאלְצֶענֶעם לַאנְד, אוּנְד נִיט בֶּע־וְואוֹינְט: 7 גֶעבֶּענְשְׁט אִיז דֶער מַאן וָואס פֶערְזִיכֶערְט זִיךְ אוֹיף דֶעם הַאר, אוּנְד הָאט דֶעם הַאר צוּ זַיינֶע פֶערְזִיכֶערוּנְג: 8 אוּנְד עֶר וֶועט זַיין אַזוֹי וְויא אַ בּוֹים גֶעפְּלַאנְצְט בַּייא דֶעם וַואסֶער, אוּנְד אִין דֶעם שְׁטְרָאם שְׁטְרֶעקְט עֶר אוֹיס זַיינֶע וָוארְצֶעלְן, אוּנְד עֶר וֶועט זִיךְ נִיט פָּארְכְטֶען וֶוען דִיא הִיטְץ וֶועט קוּמֶען, אוּנְד זַיין בְּלַאט וֶועט זַיין גְרִין, אוּנְד אִין דֶעם יָאהְר פוּן טְרוּקֶענְהֵייט וֶועט עֶר נִיט זָארְגֶען, אוּנְד עֶר וֶועט נִיט אוֹיפְהֶערֶען צוּ טְרָאגֶען פְרוּכְט: 9 פֶערְקְרִימְט אִיבֶּער אַלֶעם אִיז דָאס הַארְץ, אוּנְד עֶס אִיז אוּנְהֵיילְבַּאר, וֶוער קֶען דָאס דֶערְקֶענֶען: 10 אִיךְ, דֶער הַאר, פָּארְשׁ דָאס הַארְץ, אוּנְד פְּרוּבּ דִיא נִירֶען, כְּדֵי צוּ גֶעבֶּען צוּ אִיטְלִיכֶען נָאךְ זַיינֶע וֶועגֶען, נָאךְ דִיא פְרוּכְט פוּן זַיינֶע וֶוערְק: 11 אַזוֹי וְויא אַ רֶעבְּהוּן שְׁרֵייט (נִיט אוֹיף אִיהְרֶע אֵייעֶר) אוּנְד גֶעוְוינְט נִיט, אַזוֹי אִיז דֶער וָואס דֶערְוֶוערְבְּט זִיךְ רֵייכְטְהוּם אוּנְד נִיט מִיט רֶעכְט, אִין דֶער הֶעלְפְט פוּן זַיינֶע טֶעג וֶועט עֶס אִיהְם פֶערְלָאזֶען, אוּנְד אִין זַיין עֶנְד וֶועט עֶר בְּלֵייבֶּען אַ נַאר: 12 אוֹי, שְׁטוּהְל פוּן עֶהְרֶע, דֶערְהוֹיבֶּען פוּן אָנְהֵייבּ, דֶער אָרְט פוּן אוּנְזֶערֶע הֵיילִיגְקֵייט: 13 דִיא הָאפְענוּנְג פוּן יִשְׂרָאֵל בִּיזְט דוּא, אָ הַאר! אַלֶע דִיא וָואס פֶערְלָאזֶען דִיךְ וֶועלֶען פֶערְשֶׁעמְט וֶוערֶען! אוּנְד מַיינֶע אָפְּקֶעהְרֶער וֶועלֶען אִין דִיא עֶרְד גֶעשְׁרִיבֶּען וֶוערֶען, וָוארִין זַייא הָאבֶּען פֶערְלָאזְט דֶעם קְוַואל פוּן דֶעם לֶעבֶּעדִיגֶען וַואסֶער, דֶעם הַאר: 14 הֵייל מִיךְ! אָ הַאר, אַזוֹי וֶועל אִיךְ גֶעהֵיילְט זַיין, הֶעלְף מִיר אַזוֹי וֶועל אִיךְ גֶעהָאלְפֶען וֶוערֶען, וָוארִין דוּא בִּיסְט מַיין לוֹיבּ: 15 זֶעה, זַייא זָאגֶען צוּ מִיר, וְואוּ אִיז דָאס וָוארְט פוּן דֶעם הַאר? לָאז עֶס דָאךְ קוּמֶען: 16 אָבֶּער אִיךְ הָאבּ נִיט גֶעאֵיילְט אַזוֹי וְויא אַ פַּאסְטוּךְ דִיר נָאכְצוּגֶעהְן; אוּנְד דֶעם שְׁרֶעקְלִיכֶען טָאג הָאבּ אִיךְ נִיט גֶעגְלִיסְט, דוּא וֵוייסְט עֶס; דָאס אַרוֹיסְבְּרֶענְגוּנְג פוּן מַיינֶע לִיפֶּען, אִיז גֶעוֶועזֶען פָאר דַיין פָּנִים: 17 דוּא זָאלְסְט מִיר נִיט זַיין צוּ אַ שְׁרֶעק, דוּא בִּיסְט מַיין בֶּעשִׁיצֶער אִין דֶעם טָאג פוּן אוּנְגְלִיק: 18 מַיינֶע נָאכְיָאגֶער וֶועלֶען פֶערְשֶׁעמְט וֶוערֶען, אָבֶּער אִיךְ וֶועל נִיט פֶערְשֶׁעמְט וֶוערֶען, זַייא וֶועלֶען דֶערְשְׁרָאקֶען וֶוערֶען, אָבֶּער אִיךְ וֶועל מִיךְ נִיט דֶערְשְׁרֶעקֶען, בְּרֶענְג אוֹיף זַייא דֶעם שְׁלֶעכְטֶען טָאג, אוּנְד מִיט אַ דָאפֶּעלְטֶע צוּבְּרֶעכוּנְג זָאלְסְט דוּא זַייא צוּבְּרֶעכֶען: 19 אַזוֹי הָאט דֶער הַאר צוּ מִיר גֶעזָאגְט, גֶעה, אוּנְד דוּא זָאלְסְט דִיךְ שְׁטֶעלֶען

בְּשַׁעַר בְּנֵי־עָם אֲשֶׁר יָבֹאוּ בוֹ מַלְכֵי יְהוּדָה וַאֲשֶׁר
כ יֵצְאוּ בוֹ וּבְכֹל שַׁעֲרֵי יְרוּשָׁלָ͏ִם׃ וְאָמַרְתָּ אֲלֵיהֶם שִׁמְעוּ
דְּבַר־יְהוָה מַלְכֵי יְהוּדָה וְכָל־יְהוּדָה וְכֹל יֹשְׁבֵי יְרוּשָׁלָ͏ִם
21 הַבָּאִים בַּשְּׁעָרִים הָאֵלֶּה׃ כֹּה אָמַר יְהוָה הִשָּׁמְרוּ
בְּנַפְשׁוֹתֵיכֶם וְאַל־תִּשְׂאוּ מַשָּׂא בְּיוֹם הַשַּׁבָּת וַהֲבֵאתֶם
22 בְּשַׁעֲרֵי יְרוּשָׁלָ͏ִם׃ וְלֹא־תוֹצִיאוּ מַשָּׂא מִבָּתֵּיכֶם בְּיוֹם
הַשַּׁבָּת וְכָל־מְלָאכָה לֹא תַעֲשׂוּ וְקִדַּשְׁתֶּם אֶת־יוֹם הַשַּׁבָּת
23 כַּאֲשֶׁר צִוִּיתִי אֶת־אֲבוֹתֵיכֶם׃ וְלֹא שָׁמְעוּ וְלֹא הִטּוּ אֶת־
אָזְנָם וַיַּקְשׁוּ אֶת־עָרְפָּם לְבִלְתִּי שׁוֹמֵעַ וּלְבִלְתִּי קַחַת
24 מוּסָר׃ וְהָיָה אִם־שָׁמֹעַ תִּשְׁמְעוּן אֵלַי נְאֻם־יְהוָה לְבִלְתִּי ׀
הָבִיא מַשָּׂא בְּשַׁעֲרֵי הָעִיר הַזֹּאת בְּיוֹם הַשַּׁבָּת וּלְקַדֵּשׁ
כה אֶת־יוֹם הַשַּׁבָּת לְבִלְתִּי עֲשׂוֹת־בּוֹ כָּל־מְלָאכָה׃ וּבָאוּ
בְשַׁעֲרֵי הָעִיר הַזֹּאת מְלָכִים ׀ וְשָׂרִים יֹשְׁבִים עַל־כִּסֵּא
דָוִד רֹכְבִים ׀ בָּרֶכֶב וּבַסּוּסִים הֵמָּה וְשָׂרֵיהֶם אִישׁ יְהוּדָה
26 וְיֹשְׁבֵי יְרוּשָׁלָ͏ִם וְיָשְׁבָה הָעִיר הַזֹּאת לְעוֹלָם׃ וּבָאוּ מֵעָרֵי־
יְהוּדָה וּמִסְּבִיבוֹת יְרוּשָׁלַ͏ִם וּמֵאֶרֶץ בִּנְיָמִן וּמִן־הַשְּׁפֵלָה
וּמִן־הָהָר וּמִן־הַנֶּגֶב מְבִאִים עֹלָה וָזֶבַח וּמִנְחָה וּלְבוֹנָה
27 וּמְבִאֵי תוֹדָה בֵּית יְהוָה׃ וְאִם־לֹא תִשְׁמְעוּ אֵלַי לְקַדֵּשׁ אֶת־
יוֹם הַשַּׁבָּת וּלְבִלְתִּי ׀ שְׂאֵת מַשָּׂא וּבֹא בְּשַׁעֲרֵי יְרוּשָׁלַ͏ִם
בְּיוֹם הַשַּׁבָּת וְהִצַּתִּי אֵשׁ בִּשְׁעָרֶיהָ וְאָכְלָה אַרְמְנוֹת יְרוּשָׁלַ͏ִם
וְלֹא תִכְבֶּה׃

## יח

א הַדָּבָר אֲשֶׁר הָיָה אֶל־יִרְמְיָהוּ מֵאֵת יְהוָה לֵאמֹר׃ קוּם 2
וְיָרַדְתָּ בֵּית הַיּוֹצֵר וְשָׁמָּה אַשְׁמִיעֲךָ אֶת־דְּבָרָי׃ וָאֵרֵד 3
בֵּית הַיּוֹצֵר וְהִנֵּהוּ עֹשֶׂה מְלָאכָה עַל־הָאָבְנָיִם׃ וְנִשְׁחַת 4
הַכְּלִי אֲשֶׁר הוּא עֹשֶׂה בַּחֹמֶר בְּיַד הַיּוֹצֵר וְשָׁב וַיַּעֲשֵׂהוּ
כְּלִי אַחֵר כַּאֲשֶׁר יָשַׁר בְּעֵינֵי הַיּוֹצֵר לַעֲשׂוֹת׃ וַיְהִי ה

אין דְעם טױעֶר פוּן דִיא קִינְדֶער פוּן דֶעם פָאלְק, וָואס דוּרְךְ אִיהְם קוּמֶען אַרײַין דִיא מְלָכִים פוּן יְהוּדָה, אוּנְד דוּרְךְ וֶועלְכֶען זַייא גֶעהֶען אַרוֹיס, אוּנְד אִין אַלֶע טױרֶען פוּן יְרוּשָׁלַיִם: 20 אוּנְד דוּא זָאלְסְט צוּ זַייא זָאגֶען, הֶערְט דָאס וָוארְט פוּן דֶעם הַאר, אִיהְר מְלָכִים פוּן יְהוּדָה, אוּנְד גַאנְץ יְהוּדָה, אוּנְד אַלֶע אַיינְוואוֹינֶער פוּן יְרוּשָׁלַיִם, וָואס קוּמֶען אַרײַין דוּרְךְ דִיא דָאזִיגֶע טױרֶען: 21 אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר, אִיהְר זָאלְט זַיין גֶעהִיטֶען אוֹיף אַיירֶע זֶעלֶען, אוּנְד אִיהְר זָאלְט נִיט טְרָאגֶען קֵיינֶע מַשָּׂא אִין דֶעם טָאג פוּן שַׁבָּת, אוּנְד בְּרֶענְגְט זַייא נִיט אַרײַין דוּרְךְ דִיא טױרֶען פוּן יְרוּשָׁלַיִם: 22 אוּנְד אִיהְר זָאלְט נִיט אַרוֹיסְבְּרֶענְגֶען קֵיינֶע מַשָּׂא פוּן אַיירֶע הַייזֶער אִין דֶעם טָאג פוּן שַׁבָּת, אוּנְד טְהוּט קֵיינֶע מְלָאכָה, נֵייעֶרְט אִיהְר זָאלְט הֵיילִיגֶען דֶעם טָאג פוּן שַׁבָּת, אַזוֹי וִויא אִיךְ הָאבּ אַיירֶע עֶלְטֶערְן גֶעבָּאטֶען: 23 אָבֶּער זַייא הָאבֶּען נִיט גֶעוָואלְט הֶערֶען, אוּנְד זַייא הָאבֶּען נִיט גֶענֵייגְט זַייעֶר אוֹיעֶר, אוּנְד זַייא הָאבֶּען הַארְט גֶעמַאכְט זַייעֶר נַאקֶען כְּדֵי נִיט צוּ הֶערֶען, אוּנְד נִיט אָנְצוּנֶעמֶען קֵיין מוּסָר: 24 אוּנְד עֶס וֶועט (אָבֶּער) זַיין וֶוען אִיהְר וֶועט מִיךְ הֶערֶען, זָאגְט דֶער הַאר, נִיט אַרײַינְצוּבְּרֶענְגֶען קֵיינֶע מַשָּׂא דוּרְךְ דִיא טױרֶען פוּן דִיא דָאזִיגֶע שְׁטָאט אִין דֶעם טָאג פוּן שַׁבָּת, אוּנְד אִיהְר וֶועט הֵיילִיגֶען דֶעם טָאג פוּן שַׁבָּת כְּדֵי נִיט צוּ טְהוּן אִין אִיהְם קֵיינֶע מְלָאכָה: 25 אַזוֹי וֶועלֶען אַרײַינְקוּמֶען דוּרְךְ דִיא טױרֶען פוּן דִיא דָאזִיגֶע שְׁטָאט, מְלָכִים אוּנְד פִירְשְׁטֶען, וָואס וֶועלֶען זִיצֶען אוֹיף דֶעם שְׁטוּהְל פוּן דָוִד, זַייא וֶועלֶען רַייטֶען אוֹיף רַייטְוֶועגֶען אוּנְד פֶערְד, זַייא אוּנְד זַיירֶע פִירְשְׁטֶען, דִיא מֶענְשֶׁען פוּן יְהוּדָה, אוּנְד דִיא אַיינְוואוֹינֶער פוּן יְרוּשָׁלַיִם, אוּנְד דִיא דָאזִיגֶע שְׁטָאט וֶועט בֶּעוואוֹינְט וֶוערֶען אוֹיף עֶבִּיג: 26 אוּנְד זַייא וֶועלֶען קוּמֶען פוּן דִיא שְׁטֶעט פוּן יְהוּדָה, אוּנְד פוּן אַרוּם יְרוּשָׁלַיִם, אוּנְד פוּן דֶעם לַאנְד פוּן בִּנְיָמִין, אוּנְד פוּן דֶעם טָאהְל אוּנְד פוּן דִיא בֶּערְג אוּנְד פוּן דָרוֹם־זַייט, אוּנְד בְּרֶענְגֶען בְּרַאנְד־אָפְּפֶער אוּנְד שְׁלַאכְט־אָפְּפֶער אוּנְד שְׁפֵּייז־אָפְּפֶער אוּנְד וַויירוֹיךְ, אוּנְד וֶועלֶען בְּרֶענְגֶען דַאנְק־אָפְּפֶער אִין דֶעם הוֹיז פוּן גָאט: 27 אָבֶּער וֶוען אִיהְר וֶועט מִיךְ נִיט הֶערֶען צוּ הֵיילִיגֶען דֶעם טָאג פוּן שַׁבָּת, אוּנְד נִיט צוּ טְרָאגֶען קֵיינֶע מַשָּׂא אוּנְד אַרײַינְצוּקוּמֶען דוּרְךְ דִיא טױרֶען פוּן יְרוּשָׁלַיִם, אִין דֶעם טָאג פוּן שַׁבָּת, אַזוֹי וֶועל אִיךְ אָנְצִינְדֶען אַ פַייעֶר אִין אִיהְרֶע טױרֶען, אוּנְד עֶס וֶועט פֶערבְּרֶענֶען דִיא פַּאלַאסְטֶען פוּן יְרוּשָׁלַיִם, אוּנְד עֶס וֶועט נִיט פֶערְלָאשֶׁען וֶוערֶען:

## קאפיטעל יח

1 דָאס וָוארְט וָואס אִיז גֶעוֶועזֶען צוּ יִרְמְיָהוּ פוּן דֶעם הַאר, אַזוֹי צוּ זָאגֶען: 2 שְׁטֶעה אוֹיף אוּנְד גֶעה אַרוּפּ צוּ דֶעם הוֹיז פוּן דֶעם טֶעפֶּער, אוּנְד דָארְטֶען וֶועל אִיךְ דִיךְ מַאכֶען הֶערֶען מֵיינֶע וֶוערְטֶער: 3 אוּנְד אִיךְ בִּין אַרוּפְּגֶעגַאנְגֶען אִין דֶעם הוֹיז פוּן דֶעם טֶעפֶּער, אוּנְד זֶעה, עֶר טְהוּט אַ מְלָאכָה אוֹיף דִיא וֶוערְקְשְׁטֶעל: 4 אוּנְד וֶוען דָאס כְּלִי אִיז פֶערְדָארְבֶּען גֶעוָוארֶען וָואס עֶר הָאט גֶעמַאכְט מִיט לֵיים אִין דִיא הַאנְד פוּן דֶעם טֶעפֶּער, אַזוֹי הָאט עֶר עֶס אוּמְגֶעקֶעהְרְט, אוּנְד הָאט דֶערְפוּן גֶעמַאכְט אַיין אַנְדֶערֶעס כְּלִי, אַזוֹי וִויא עֶס אִיז גֶעפָאלֶען אִין דִיא אוֹיגֶען פוּן דֶעם טֶעפֶּער צוּ טְהוּן: 5 אוּנְד

6 דְּבַר־יְהוָה אֵלַי לֵאמֹור׃ הֲכַיּוֹצֵר הַזֶּה לֹא־אוּכַל לַעֲשׂוֹת
לָכֶם בֵּית יִשְׂרָאֵל נְאֻם־יְהוָה הִנֵּה כַחֹמֶר בְּיַד הַיּוֹצֵר
7 כֵּן־אַתֶּם בְּיָדִי בֵּית יִשְׂרָאֵל׃ רֶגַע אֲדַבֵּר עַל־גּוֹי
8 וְעַל־מַמְלָכָה לִנְתוֹשׁ וְלִנְתוֹץ וּלְהַאֲבִיד׃ וְשָׁב הַגּוֹי הַהוּא
מֵרָעָתוֹ אֲשֶׁר דִּבַּרְתִּי עָלָיו וְנִחַמְתִּי עַל־הָרָעָה אֲשֶׁר
9 חָשַׁבְתִּי לַעֲשׂוֹת לוֹ׃ וְרֶגַע אֲדַבֵּר עַל־גּוֹי וְעַל־
· מַמְלָכָה לִבְנוֹת וְלִנְטוֹעַ׃ וְעָשָׂה הָרָעָה בְּעֵינַי לְבִלְתִּי
שְׁמֹעַ בְּקוֹלִי וְנִחַמְתִּי עַל־הַטּוֹבָה אֲשֶׁר אָמַרְתִּי לְהֵיטִיב
11 אוֹתוֹ׃ וְעַתָּה אֱמָר־נָא אֶל־אִישׁ יְהוּדָה וְעַל־יוֹשְׁבֵי יְרוּשָׁלַם
לֵאמֹר כֹּה אָמַר יְהוָה הִנֵּה אָנֹכִי יוֹצֵר עֲלֵיכֶם רָעָה
וְחֹשֵׁב עֲלֵיכֶם מַחֲשָׁבָה שׁוּבוּ נָא אִישׁ מִדַּרְכּוֹ הָרָעָה
12 וְהֵיטִיבוּ דַרְכֵיכֶם וּמַעַלְלֵיכֶם׃ וְאָמְרוּ נוֹאָשׁ כִּי־אַחֲרֵי
מַחְשְׁבוֹתֵינוּ נֵלֵךְ וְאִישׁ שְׁרִרוּת לִבּוֹ־הָרָע נַעֲשֶׂה׃
13 לָכֵן כֹּה אָמַר יְהוָה שַׁאֲלוּ־נָא בַּגּוֹיִם מִי שָׁמַע כָּאֵלֶּה
14 שַׁעֲרֻרִת עָשְׂתָה מְאֹד בְּתוּלַת יִשְׂרָאֵל׃ הֲיַעֲזֹב מִצּוּר שָׂדַי
טו שֶׁלֶג לְבָנוֹן אִם־יִנָּתְשׁוּ מַיִם זָרִים קָרִים נוֹזְלִים׃ כִּי־
שְׁכֵחֻנִי עַמִּי לַשָּׁוְא יְקַטֵּרוּ וַיַּכְשִׁלוּם בְּדַרְכֵיהֶם שְׁבִילֵי
16 עוֹלָם לָלֶכֶת נְתִיבוֹת דֶּרֶךְ לֹא סְלוּלָה׃ לָשׂוּם אַרְצָם
לְשַׁמָּה שְׁרוּקֹת עוֹלָם כֹּל עוֹבֵר עָלֶיהָ יִשֹּׁם וְיָנִיד בְּרֹאשׁוֹ׃
17 כְּרוּחַ־קָדִים אֲפִיצֵם לִפְנֵי אוֹיֵב עֹרֶף וְלֹא־פָנִים אַרְאֵם
18 בְּיוֹם אֵידָם׃ וַיֹּאמְרוּ לְכוּ וְנַחְשְׁבָה עַל־יִרְמְיָהוּ
מַחֲשָׁבוֹת כִּי לֹא־תֹאבַד תּוֹרָה מִכֹּהֵן וְעֵצָה מֵחָכָם וְדָבָר
מִנָּבִיא לְכוּ וְנַכֵּהוּ בַלָּשׁוֹן וְאַל־נַקְשִׁיבָה אֶל־כָּל־דְּבָרָיו׃
19 הַקְשִׁיבָה יְהוָה אֵלָי וּשְׁמַע לְקוֹל יְרִיבָי׃ הַיְשֻׁלַּם תַּחַת־
כ טוֹבָה רָעָה כִּי־כָרוּ שׁוּחָה לְנַפְשִׁי זְכֹר ׀ עָמְדִי לְפָנֶיךָ
לְדַבֵּר עֲלֵיהֶם טוֹבָה לְהָשִׁיב אֶת־חֲמָתְךָ מֵהֶם׃
21 לָכֵן תֵּן אֶת־בְּנֵיהֶם לָרָעָב וְהַגִּרֵם עַל־יְדֵי־חֶרֶב וְתִהְיֶנָה

דָאס וָוארְט פוּן דֶעם הַאר אִיז גֶעוֶועזֶען צוּ מִיר, אַזוֹי צוּ זָאגֶען: 6 קֶען אִיךְ דֶען נִיט צוּ אֵייךְ טְהוּן אַזוֹי וִויא דֶער דָאזִיגֶער טֶעפֶּער, הוֹיז פוּן יִשְׂרָאֵל? זָאגְט דֶער הַאר, זֶעה, אַזוֹי וִויא דָאס לֵיים אִיז אִין דִיא הַאנְד פוּן דֶעם טֶעפֶּער, אַזוֹי זֶענְט אִיהְר אִין מֵיינֶע הַאנְד, אָ הוֹיז פוּן יִשְׂרָאֵל: 7 אִין אַ רֶגַע (אוֹיגֶענְבְּלִיק) רֶעד אִיךְ קֶעגֶען אַ פָאלְק אוּנְד קֶעגֶען אַ קֶענִיגְרֵייךְ, עֶס אוֹיסְצוּרֵייסֶען, צוּ צוּשְׁטֶערֶען אוּנְד צוּ פֶערְטִילְגֶען: 8 אָבֶּער וֶוען דָאס פָאלְק קֶעהְרְט זִיךְ צוּרִיק פוּן זַיינֶע שְׁלֶעכְטִיגְקֵייט, וֶועגֶען וֶועלְכֶען אִיךְ הָאבּ גֶערֶעט, אַזוֹי הָאבּ אִיךְ חֲרָטָה וֶועגֶען דֶעם שְׁלֶעכְטֶען וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעטְרַאכְט זַייא צוּ טְהוּן: 9 אוּנְד אִין אַ רֶגַע רֶעד אִיךְ קֶעגֶען אַ פָאלְק אוּנְד קֶעגֶען אַ קֶענִיגְרֵייךְ עֶס אוֹיפְצוּבּוֹיעֶן אוּנְד צוּ פְלַאנְצֶען: 10 אָבֶּער וֶוען עֶר טְהוּט דָאס וָואס אִיז שְׁלֶעכְט אִין מֵיינֶע אוֹיגֶען, כְּדֵי נִיט צוּ הֶערֶען מֵיין קוֹל, אַזוֹי הָאבּ אִיךְ חֲרָטָה אוֹיף דֶעם גוּטֶען וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעטְרַאכְט אִיהְם צוּ פֶערְגִיטִיגֶען: 11 אוּנְד אַצוּנְד, זָאג אִיךְ צוּ דִיא לֵייט פוּן יְהוּדָה אוּנְד צוּ דִיא אַיינְוְואוֹינֶער פוּן יְרוּשָׁלַיִם, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר, זֶעה, אִיךְ בֶּעשַׁאף אוֹיף אֵייךְ שְׁלֶעכְטֶעס, אוּנְד טְרַאכְט אִיבֶּער אֵייךְ אַ גֶעדַאנְק (פוּן שְׁלֶעכְטֶעס), קֶעהְרְט אֵייךְ צוּרִיק אִיטְלִיכֶער פוּן זַיין שְׁלֶעכְטֶען וֶועג, אוּנְד מַאכְט בֶּעסֶער אֵיירֶע וֶועגֶען אוּנְד אֵיירֶע וֶוערְק: 12 אָבֶּער זַייא זָאגֶען עֶס אִיז צוּ פֶערְצְוֵוייפְלֶען! נֵייעֶרְט נָאךְ אוּנְזֶערֶע גֶעדַאנְקֶען וֶועלֶען מִיר גֶעהְן אוּנְד אִיטְלִיכֶער נָאךְ זַיין טְרַאכְטֶען פוּן זַיין שְׁלֶעכְטֶען הַארְץ, וֶועלֶען מִיר טְהוּן: 13 דָארוּם, אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר, פְרֶעגְט דָאךְ צְוִוישֶׁען דִיא פֶעלְקֶער, וֶוער הָאט אַזָאלְכֶעס גֶעהֶערְט, זֶעהְר אַ מִיאוּסֶע זַאךְ הָאט דִיא יוּנְגְפְרוֹיא פוּן יִשְׂרָאֵל גֶעטְהוּן: 14 וֶוערְט דֶען פֶערְלָאזְט פוּן דֶעם שְׁטֵיין (פֶעלְזֶען) פוּן פֶעלְד דֶער שְׁנֵייא פוּן לְבָנוֹן? אָדֶער וֶוערֶען פֶערְטְרִיקֶענְט שְׁטָארְמִיגֶע, קַאלְטֶע, פְלִיסֶענְדֶע וַואסֶערְן? 15 וָוארִין מֵיין פָאלְק הָאט מִיךְ פֶערְגֶעסֶען, זַייא רֵייכֶערְן צוּ פַאלְשְׁקֵייט, אוּנְד זַייא הָאבֶּען זַייא גֶעמַאכְט שְׁטְרוֹיכְלֶען מִיט זֵייעֶרֶע וֶועגֶען אוֹיף דִיא אַלְטֶע שְׁטֶעגֶען, צוּ גֶעהְן אוֹיף וֶועגֶען וָואס זֶענֶען נִיט קֵיין אוֹיסְגֶעטְרֶעטֶענֶע וֶועגֶען: 16 צוּ מַאכֶען זֵייעֶר לַאנְד צוּ וִויסְט, צוּ דֶער עֶבִּיגֶען שְׁמוּצִירוּנְג (פֵייפֶען), אִיטְלִיכֶער וָואס וֶועט פָאר אִיהְר פֶערְבַּייא גֶעהְן וֶועט עֶרְשְׁטוֹינֶען, אוּנְד וֶועט שָׁאקְלֶען מִיט זַיין קָאפּ: 17 אַזוֹי וִויא מִיט דֶעם מִזְרַח־וִוינְד וֶועל אִיךְ זַייא פֶערְשְׁפְּרֵייטֶען פָאר דֶעם פֵיינְד, דֶעם נַאקֶען אָבֶּער נִיט דָאס פָּנִים וֶועל אִיךְ צוּ זַייא וֵוייזֶען אִין דֶעם טָאג פוּן זֵייעֶר בְּרָאךְ: 18 אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט, קוּמְט, מִיר וֶועלֶען אוֹיסְטְרַאכְטֶען אוֹיף יִרְמְיָהוּ (בֵּייזֶע) גֶעדַאנְקֶען, וָוארִין דִיא תּוֹרָה וֶועט נִיט פֶערְלוֹירֶען וֶוערֶען פוּן דֶעם כֹּהֵן, אוּנְד אֵיינֶע עֵצָה פוּן דֶעם חָכָם, אוּנְד אַ וָוארְט פוּן דֶעם נָבִיא, קוּמְט, לָאזֶען מִיר אִיהְם שְׁלָאגֶען מִיט דִיא צוּנְג, אוּנְד מִיר וֶועלֶען נִיט פֶערְנֶעמֶען אַלֶע זֵיינֶע וֶוערְטֶער: 19 הָארְךְ דָאךְ צוּ מִיר, אָ הַאר, אוּנְד הֶער צוּ דֶעם קוֹל פוּן מֵיינֶע קְרִיגֶער: 20 זָאל דֶען בֶּעצָאלְט וֶוערֶען שְׁלֶעכְטֶעס פָאר גוּטֶעס, דָאס זַייא הָאבֶּען גֶעגְרוּבֶּען אַ גְרוּבּ פַאר מֵיינֶע זֶעלֶע? גֶעדֶענְק דָאךְ מֵיין שְׁטֶעהְן פָאר דִיר, כְּדֵי גוּטֶעס צוּ רֶעדֶען וֶועגֶען זַייא, אָפְּצוּקֶעהְרֶען דֵיין גְרִימְצָארְן פוּן זַייא: 21 דָארוּם גֶעבּ אִיבֶּער זֵייעֶרֶע קִינְדֶער צוּ דִיא הוּנְגֶערְס־נוֹיטְה, אוּנְד מַאךְ זַייא צוּרִינֶען (אָדֶער צִיה זַייא דוּרְךְ) דוּרְךְ דָאס שְׁוֶוערְד,

דאס

נְשֵׁיהֶם שַׁכֻּלוֹת וְאַלְמָנוֹת וְאַנְשֵׁיהֶם יִהְיוּ הֲרֻגֵי מָוֶת
22 בַּחוּרֵיהֶם מֻכֵּי־חֶרֶב בַּמִּלְחָמָה׃ תִּשָּׁמַע זְעָקָה מִבָּתֵּיהֶם
כִּי־תָבִיא עֲלֵיהֶם גְּדוּד פִּתְאֹם כִּי־כָרוּ שִׁיחָה לְלָכְדֵנִי
23 וּפַחִים טָמְנוּ לְרַגְלָי׃ וְאַתָּה יְהוָה יָדַעְתָּ אֶת־כָּל־עֲצָתָם
עָלַי לַמָּוֶת אַל־תְּכַפֵּר עַל־עֲוֺנָם וְחַטָּאתָם מִלְּפָנֶיךָ אַל־
תֶּמְחִי וְיִהְיוּ מֻכְשָׁלִים לְפָנֶיךָ בְּעֵת אַפְּךָ עֲשֵׂה בָהֶם׃

יט

א כֹּה אָמַר יְהוָה הָלֹךְ וְקָנִיתָ בַקְבֻּק יוֹצֵר חָרֶשׂ וּמִזִּקְנֵי הָעָם
2 וּמִזִּקְנֵי הַכֹּהֲנִים׃ וְיָצָאתָ אֶל־גֵּיא בֶן־הִנֹּם אֲשֶׁר פֶּתַח שַׁעַר
הַחַרְסוּת וְקָרָאתָ שָּׁם אֶת־הַדְּבָרִים אֲשֶׁר־אֲדַבֵּר אֵלֶיךָ׃
3 וְאָמַרְתָּ שִׁמְעוּ דְבַר־יְהוָה מַלְכֵי יְהוּדָה וְיֹשְׁבֵי יְרוּשָׁלָםִ
כֹּה־אָמַר יְהוָה צְבָאוֹת אֱלֹהֵי יִשְׂרָאֵל הִנְנִי מֵבִיא רָעָה
4 עַל־הַמָּקוֹם הַזֶּה אֲשֶׁר כָּל־שֹׁמְעָהּ תִּצַּלְנָה אָזְנָיו׃ יַעַן ׀
אֲשֶׁר עֲזָבֻנִי וַיְנַכְּרוּ אֶת־הַמָּקוֹם הַזֶּה וַיְקַטְּרוּ־בוֹ לֵאלֹהִים
אֲחֵרִים אֲשֶׁר לֹא־יְדָעוּם הֵמָּה וַאֲבוֹתֵיהֶם וּמַלְכֵי יְהוּדָה
ה וּמָלְאוּ אֶת־הַמָּקוֹם הַזֶּה דַּם נְקִיִּם׃ וּבָנוּ אֶת־בָּמוֹת הַבַּעַל
לִשְׂרֹף אֶת־בְּנֵיהֶם בָּאֵשׁ עֹלוֹת לַבָּעַל אֲשֶׁר לֹא־צִוִּיתִי
6 וְלֹא דִבַּרְתִּי וְלֹא עָלְתָה עַל־לִבִּי׃ לָכֵן הִנֵּה־יָמִים
בָּאִים נְאֻם־יְהוָה וְלֹא־יִקָּרֵא לַמָּקוֹם הַזֶּה עוֹד הַתֹּפֶת וְגֵיא
7 בֶן־הִנֹּם כִּי אִם־גֵּיא הַהֲרֵגָה׃ וּבַקֹּתִי אֶת־עֲצַת יְהוּדָה
וִירוּשָׁלַםִ בַּמָּקוֹם הַזֶּה וְהִפַּלְתִּים בַּחֶרֶב לִפְנֵי אֹיְבֵיהֶם
וּבְיַד מְבַקְשֵׁי נַפְשָׁם וְנָתַתִּי אֶת־נִבְלָתָם לְמַאֲכָל לְעוֹף
8 הַשָּׁמַיִם וּלְבֶהֱמַת הָאָרֶץ׃ וְשַׂמְתִּי אֶת־הָעִיר הַזֹּאת
לְשַׁמָּה וְלִשְׁרֵקָה כֹּל עֹבֵר עָלֶיהָ יִשֹּׁם וְיִשְׁרֹק עַל־כָּל־
9 מַכֹּתֶהָ׃ וְהַאֲכַלְתִּים אֶת־בְּשַׂר בְּנֵיהֶם וְאֵת בְּשַׂר בְּנֹתֵיהֶם
וְאִישׁ בְּשַׂר־רֵעֵהוּ יֹאכֵלוּ בְּמָצוֹר וּבְמָצוֹק אֲשֶׁר יָצִיקוּ
י לָהֶם אֹיְבֵיהֶם וּמְבַקְשֵׁי נַפְשָׁם׃ וְשָׁבַרְתָּ הַבַּקְבֻּק לְעֵינֵי

דָאס זַיירֶע ווייבֶּער זָאלֶען זַיין קִינְדֶער לויז אוּנְד אַלְמָנוֹת, אוּנְד זַיירֶע מֶענֶער זָאלֶען זַיין דֶערְשְׁלָאגֶען פוּן דֶעם טוֹיט, אוּנְד זַיירֶע יוּנְגֶע לֵייט דֶערְשְׁלָאגֶען דוּרְך דֶעם שְׁווֶערְד אִין דֶער מִלְחָמָה: 22 עֶס זָאל גֶעהֶערְט ווֶערֶען אַ גֶעשְׁרֵייא פוּן זַיירֶע הֵייזֶער, ווֶען דוּא ווֶעסְט אִיבֶּער זֵייא בְּרֶענְגֶען אַ פֶערְזַאמְלוּנְג (פוּן מֶערְדֶער) פְלוּצְלוּנְג! ווֵייל זֵייא הָאבֶּען גֶעגְרוּבֶּען אַ גְרוּבּ מִיךְ צוּ בֶּעצְווִינְגֶען, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען פֶערְבָּארְגֶען נֶעצֶען פַאר מֵיינֶע פִיס: 23 אָבֶּער דוּא, הַאר, ווֵייסְט אַלֶע זַיירֶע עֵצוֹת ווֶעגֶען מִיר צוּ דֶעם טוֹיט, דוּא זָאלְסְט נִיט פֶערְגֶעבֶּען זַיירֶע שׁוּלְד, אוּנְד זַיירֶע זִינְד ווָאס זֶענֶען פָאר דִיר זָאלְסְט דוּא נִיט אוֹיסְמֶעקֶען, אוּנְד זֵייא זָאלֶען זַיין גֶעשְׁטְרוֹיכֶעלְט פָאר דִיר, אִין דֶער צֵייט פוּן דַיין צָארְן טְהוּא עֶס מִיט זֵייא:

קאפיטעל יט

1 אַזוֹי הָאט דֶער הַאר גֶעזָאגְט, גֶעה אוּנְד דוּא זָאלְסְט קוֹיפֶען אַ קְרוּג פוּן אַ טֶעפֶּער, (אוּנְד נֶעם מִיט) פוּן דִיא עֶלְצְטֶע פוּן דֶעם פָאלְק, אוּנְד פוּן דִיא עֶלְצְטֶע פוּן דִיא כֹּהֲנִים: 2 אוּנְד דוּא זָאלְסְט אַרוֹיסְגֶעהְן צוּ דֶעם טָאהְל בֶּן־הִנּוֹם ווָאס אִיז בֵּייא דֶעם אַרֵיינְגַאנְג פוּן דֶעם טוֹיעֶר חַרְסוּת (אָדֶער טֶעפֶּער טוֹיעֶר), אוּנְד דוּא זָאלְסְט אוֹיסְרוּפֶען דִיא ווֶערְטֶער ווָאס אִיךְ ווֶעל צוּ דִיר רֶעדֶען: 3 אוּנְד דוּא זָאלְסְט זָאגֶען, הֶערְט דָאס ווָארְט פוּן דֶעם הַאר, אִיהְר קֶענִיגֶע פוּן יְהוּדָה, אוּנְד אִיהְר אֵיינְווָאוֹינֶער פוּן יְרוּשָׁלַיִם, אַזוֹי הָאט גֶעזָאגְט דֶער הַאר צְבָאוֹת, דֶער גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל, זֶעה, אִיךְ בְּרֶענְג שְׁלֶעכְטֶעס אִיבֶּער דֶעם דָאזִיגֶען אָרְט, אַז אִיטְלִיכֶער ווָאס ווֶעט עֶס הֶערֶען דֶעם ווֶעלֶען זַיינֶע אוֹירֶען קְלִינְגֶען: 4 ווֵייל זֵייא הָאבֶּען מִיךְ פֶערְלָאזְט, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען פְרֶעמְד גֶעמַאכְט דֶעם דָאזִיגֶען אָרְט, אוּנְד הָאבֶּען אִין אִיהְם גֶערֵייכֶערְט צוּ אַנְדֶערֶע גֶעטֶער, פוּן ווֶעלְכֶע זֵייא הָאבֶּען נִיט גֶעווָאוּסְט, זֵייא, אוּנְד זַיירֶע עֶלְטֶערְן, אוּנְד דִיא קֶענִיגֶע פוּן יְהוּדָה, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען פוּל גֶעמַאכְט דֶעם דָאזִיגֶען אָרְט מִיט אוּנְשׁוּלְדִיגֶעם בְּלוּט: 5 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעבּוֹיט דִיא בָּמוֹת צוּ דֶעם בַּעַל, צוּ פֶערְבְּרֶענֶען זַיירֶע קִינְדֶער אַלְס בְּרַאנְד־אָפְּפֶער צוּ דֶעם בַּעַל, ווָאס אִיךְ הָאבּ נִיט גֶעבָּאטֶען אוּנְד נִיט גֶערֶעדְט, אוּנְד עֶס אִיז נִיט אוֹיפְגֶעגַאנְגֶען אוֹיף מֵיין הַארְץ: 6 דָארוּם זֶעה, עֶס קוּמֶען אָן טֶעג, זָאגְט דֶער הַאר, דָאס דֶער דָאזִיגֶער אָרְט ווֶעט נִיט מֶעהְר גֶערוּפֶען ווֶערֶען תּוֹפֶת אוּנְד טָאהְל בֶּן־הִנּוֹם, נֵייעֶרְט דָאס טָאהְל פוּן דֶערְשְׁלָאגֶענֶע: 7 אוּנְד אִיךְ ווֶעל לֶעעֶר מַאכֶען דִיא עֵצָה פוּן יְהוּדָה, אוּנְד יְרוּשָׁלַיִם אִין דֶעם דָאזִיגֶען אָרְט, אוּנְד אִיךְ ווֶעל זֵייא מַאכֶען פַאלֶען דוּרְךְ דֶעם שְׁווֶערְד פָאר זַיירֶע פֵיינְד, אוּנְד דוּרְךְ דִיא הַאנְד פוּן דִיא ווָאס בֶּעגֶעהְרֶען זַיירֶע זֶעלֶע, אוּנְד אִיךְ ווֶעל גֶעבֶּען זַיירֶע טוֹיטֶע קֶערְפֶּער פַאר שְׁפֵּייז צוּ דִיא פֶעגֶעל פוּן דֶעם הִימֶעל אוּנְד פַאר דִיא חַיּוֹת פוּן דֶעם לַאנְד: 8 אוּנְד אִיךְ ווֶעל דִיא דָאזִיגֶע שְׁטָאט מַאכֶען אַ פֶערְווָאוּנְדֶערוּנְג אוּנְד צוּ שְׁמוּצִירֶען, אַז אִיטְלִיכֶער ווָאס ווֶעט פַארְבֵּייא גֶעהְן דוּרְךְ אִיהְר ווֶעט עֶרְשְׁטוֹינֶען אוּנְד שְׁפֶּעטֶען אִיבֶּער אַלֶע אִיהְרֶע שְׁלֶעג: 9 אוּנְד אִיךְ ווֶעל זֵייא מַאכֶען עֶסֶען דָאס פְלֵיישׁ פוּן זַיירֶע זִיהְן אוּנְד דָאס פְלֵיישׁ פוּן זַיירֶע טֶעכְטֶער, אוּנְד אִיטְלִיכֶער ווֶעט עֶסֶען דָאס פְלֵיישׁ פוּן זַיין חָבֵר, ווֶעגֶען דִיא בֶּעלַאגֶערוּנְג אוּנְד דֶעם בֶּעדְרֶענְגֶענִיס, ווָאס זַיירֶע פֵיינְד ווֶעלֶען זֵייא בֶּעדְרֶענְגֶען אוּנְד דִיא ווָאס בֶּעגֶעהְרֶען זַיירֶע זֶעלֶע: 10 אוּנְד דוּא זָאלְסְט צוּבְּרֶעכֶען דֶעם קְרִיג פָאר דִיא אוֹיגֶען

פוּן

11 הָאֲנָשִׁים הַהֹלְכִים אוֹתָךְ׃ וְאָמַרְתָּ אֲלֵיהֶם כֹּה־אָמַר ׀
יְהוָה צְבָאוֹת כָּכָה אֶשְׁבֹּר אֶת־הָעָם הַזֶּה וְאֶת־הָעִיר הַזֹּאת
כַּאֲשֶׁר יִשְׁבֹּר אֶת־כְּלִי הַיּוֹצֵר אֲשֶׁר לֹא־יוּכַל לְהֵרָפֵה
12 עוֹד וּבְתֹפֶת יִקְבְּרוּ מֵאֵין מָקוֹם לִקְבּוֹר׃ כֵּן־אֶעֱשֶׂה
לַמָּקוֹם הַזֶּה נְאֻם־יְהוָה וּלְיוֹשְׁבָיו וְלָתֵת אֶת־הָעִיר הַזֹּאת
13 כְּתֹפֶת׃ וְהָיוּ בָּתֵּי יְרוּשָׁלַם וּבָתֵּי מַלְכֵי יְהוּדָה כִּמְקוֹם
הַתֹּפֶת הַטְּמֵאִים לְכֹל הַבָּתִּים אֲשֶׁר קִטְּרוּ עַל־גַּגֹּתֵיהֶם
לְכֹל צְבָא הַשָּׁמַיִם וְהַסֵּךְ נְסָכִים לֵאלֹהִים אֲחֵרִים׃
14 וַיָּבֹא יִרְמְיָהוּ מֵהַתֹּפֶת אֲשֶׁר שְׁלָחוֹ יְהוָה שָׁם לְהִנָּבֵא
טו וַיַּעֲמֹד בַּחֲצַר בֵּית־יְהוָה וַיֹּאמֶר אֶל־כָּל־הָעָם׃ כֹּה־אָמַר
יְהוָה צְבָאוֹת אֱלֹהֵי יִשְׂרָאֵל הִנְנִי מֵבִי אֶל־הָעִיר הַזֹּאת
וְעַל־כָּל־עָרֶיהָ אֵת כָּל־הָרָעָה אֲשֶׁר דִּבַּרְתִּי עָלֶיהָ כִּי
הִקְשׁוּ אֶת־עָרְפָּם לְבִלְתִּי שְׁמוֹעַ אֶת־דְּבָרָי׃

כ כ

א וַיִּשְׁמַע פַּשְׁחוּר בֶּן־אִמֵּר הַכֹּהֵן וְהוּא־פָקִיד נָגִיד בְּבֵית
2 יְהוָה אֶת־יִרְמְיָהוּ נִבָּא אֶת־הַדְּבָרִים הָאֵלֶּה׃ וַיַּכֶּה פַשְׁחוּר
אֵת יִרְמְיָהוּ הַנָּבִיא וַיִּתֵּן אֹתוֹ עַל־הַמַּהְפֶּכֶת אֲשֶׁר בְּשַׁעַר
3 בִּנְיָמִן הָעֶלְיוֹן אֲשֶׁר בְּבֵית יְהוָה׃ וַיְהִי מִמָּחֳרָת וַיֹּצֵא
פַשְׁחוּר אֶת־יִרְמְיָהוּ מִן־הַמַּהְפָּכֶת וַיֹּאמֶר אֵלָיו יִרְמְיָהוּ
לֹא פַשְׁחוּר קָרָא יְהוָה שְׁמֶךָ כִּי אִם־מָגוֹר מִסָּבִיב׃
4 כִּי־כֹה אָמַר יְהוָה הִנְנִי נֹתֶנְךָ לְמָגוֹר לְךָ ׀ וּלְכָל־אֹהֲבֶיךָ
וְנָפְלוּ בְּחֶרֶב אֹיְבֵיהֶם וְעֵינֶיךָ רֹאוֹת וְאֶת־כָּל־יְהוּדָה אֶתֵּן
ה בְּיַד מֶלֶךְ־בָּבֶל וְהִגְלָם בָּבֶלָה וְהִכָּם בֶּחָרֶב׃ וְנָתַתִּי אֶת־
כָּל־חֹסֶן הָעִיר הַזֹּאת וְאֶת־כָּל־יְגִיעָהּ וְאֶת־כָּל־יְקָרָהּ וְאֵת
כָּל־אוֹצְרוֹת מַלְכֵי יְהוּדָה אֶתֵּן בְּיַד אֹיְבֵיהֶם וּבְזָזוּם וּלְקָחוּם
6 וֶהֱבִיאוּם בָּבֶלָה׃ וְאַתָּה פַשְׁחוּר וְכֹל יֹשְׁבֵי בֵיתֶךָ תֵּלְכוּ
בַּשֶּׁבִי וּבָבֶל תָּבוֹא וְשָׁם תָּמוּת וְשָׁם תִּקָּבֵר אַתָּה וְכָל־

פון דיא מענשען וואס געהען מיט דיר: 11 אונד דוא זאלסט צו זייא זאגען, אזוי זאגט דער האר צבאות, אזוי וועל איך צוברעכען דאס דאזיגע פאלק אונד דיא דאזיגע שטאט, אזוי וויא מען צוברעכט דאס כלי פון א טעפער וואס קען ניט מעהר גאנץ געמאכט ווערען, אונד אין תופת וועט מען בעגראבען, ווייל עס וועט ניט זיין קיין אנדערער ארט צו בעגראבען: 12 אזוי וועל איך צו דעם דאזיגען ארט טהון, זאגט דער האר, אונד צו זיינע איינוואוינער, אונד דיא דאזיגע שטאט צו מאכען גלייך וויא תופת: 13 אונד דיא הייזער פון ירושלים, אונד דיא הייזער פון דיא קעניגע פון יהודה, וועלען זיין אזוי וויא דער ארט פון תופת, וואס זענען אומריין, צו אלע הייזער אויף וועלכע זייא האבען אויף זייערע דעכער גערייכערט צו אלע הערשאפטען פון דעם הימעל אונד האבען געגאסען גיסונגען (טרינק־אפפער) צו אנדערע געטער: 14 אונד ירמיהו איז געקומען פון דעם תופת, וואס דער האר האט איהם געשיקט דארטען נביאות צו זאגען, אונד ער איז געשטאנען אין דעם הויף פון דעם הויז פון דעם האר, אונד ער האט געזאגט צו דעם גאנצען פאלק: 15 אזוי זאגט דער האר צבאות, דער גאט פון ישראל, זעה, איך ברענג אויף דיא דאזיגע שטאט, אונד אויף אלע איהרע שטעט דאס גאנצע שלעכטע וואס איך האב וועגען איהר גערעט, ווארין זייא האבען געמאכט הארט זייער נאקען, כדי ניט צו הערען מיינע ווערטער:

## קאפיטעל כ

1 אונד ווען פשחור, זוהן פון אמר הכהן,—אונד ער איז געוועזען איין אויפזעהער אין דעם הויז פון דעם האר—האט געהערט דאס ירמיהו האט נביאות געזאגט דיא דאזיגע ווערטער: 2 דא האט פשחור געשלאגען ירמיהו הנביא, אונד ער האט איהם אריינגעזעצט אין דעם געפענגנים וואס איז געוועזען אין דעם אויבערשטען טויער פון בנימן, אין דעם הויז פון דעם האר: 3 אונד עס איז געוועזען אויף מארגען, אזוי האט פשחור ארויסגעבראכט ירמיהו פון דעם געפענגנים, אונד ירמיהו האט צו איהם געזאגט, ניט פשחור, רופט דער האר דיין נאמען, נייערט מגור מסביב: 4 ווארין אזוי זאגט דער האר, זעה, איך געב דיך איבער צו פארכט פאר דיר, אונד פאר אלע וואס האבען דיך ליב, אונד זייא וועלען פאלען דורך דעם שווערד פון זייערע פיינד, אונד דיינע אויגען וועלען עס זעהען, אונד גאנץ יהודה וועל איך איבערגעבען אין דיא האנד פון דעם קעניג פון בבל, אונד ער וועט זייא פערטרייבען קיין בבל, אונד ער וועט זייא שלאגען מיט דעם שווערד: 5 אונד איך וועל געבען דיא גאנצע מאכט פון דיא דאזיגע שטאט, אונד אלעס וואס זיא האט זיך ערווארבען, אונד אלע איהרע טייערקייטען, אונד אלע אוצרות פון דיא קעניגע פון יהודה, וועל איך געבען אין דער האנד פון זייערע פיינד, אונד זייא וועלען זייא רויבען, אונד זייא וועלען זייא נעמען אונד וועלען זייא ברענגען קיין בבל: 6 אונד אויך דוא, פשחור, אונד אלע איינוואוינער פון דיין הויז, וועלען געהן אין דעם געפענגנים, אונד ווען דוא וועסט קומען קיין בבל אזוי וועסט דוא דארט שטארבען אונד דארט בעגראבען ווערען, דוא אונד אלע דיינע ליבהאבער,

וואס

אהביך אשר־נבאת להם בשקר: פתיתני יהוה 7
ואפת חזקתני ותוכל הייתי לשחוק כל־היום כלה לעג
לי: כי־מדי אדבר אזעק חמס ושד אקרא כי־היה 8
דבר־יהוה לי לחרפה ולקלס כל־היום: ואמרתי לא־ 9
אזכרנו ולא־אדבר עוד בשמו והיה בלבי כאש בערת
עצר בעצמתי ונלאיתי כלכל ולא אוכל: כי שמעתי י
דבת רבים מגור מסביב הגידו ונגידנו כל אנוש שלמי
שמרי צלעי אולי יפתה ונוכלה לו ונקחה נקמתנו ממנו:
ויהוה אותי כגבור עריץ על־כן רדפי יכשלו ולא יכלו 11
בשו מאד כי־לא השכילו כלמת עולם לא תשכח:
ויהוה צבאות בחן צדיק ראה כליות ולב אראה נקמתך 12
מהם כי אליך גליתי את־ריבי: שירו ליהוה הללו 13
את־יהוה כי הציל את־נפש אביון מיד מרעים:
ארור היום אשר ילדתי בו יום אשר־ילדתני אמי אל־ 14
יהי ברוך: ארור האיש אשר בשר את־אבי לאמר ילד־ טו
לך בן זכר שמח שמחהו: והיה האיש ההוא כערים 16
אשר־הפך יהוה ולא נחם ושמע זעקה בבקר ותרועה
בעת צהרים: אשר לא־מותתני מרחם ותהי־לי אמי 17
קברי ורחמה הרת עולם: למה זה מרחם יצאתי לראות 18
עמל ויגון ויכלו בבשת ימי:

## כא

כא

הדבר אשר־היה אל־ירמיהו מאת יהוה בשלח אליו א
המלך צדקיהו את־פשחור בן־מלכיה ואת־צפניה בן־
מעשיה הכהן לאמר: דרש־נא בעדנו את־יהוה כי 2
נבוכדראצר מלך־בבל נלחם עלינו אולי יעשה יהוה
אותנו ככל־נפלאתיו ויעלה מעלינו: ויאמר ירמיהו 3
אליהם כה תאמרן אל־צדקיהו: כה־אמר יהוה אלהי 4

וואס דו האסט צו זיי מיט פאלשקייט נביאות געזאגט: 7 דו האסט מיך איינגערעדט, א הער, אונד איך האב מיך געלאזט איבערערעדען, דו האסט מיך אנגענומען אונד דו האסט מיך בייגעקומען, איך בין געווארען צו א געלעכטער דעם גאנצען טאג, אלע שפעטען איבער מיר: 8 ווארין ווען איך רעד נאר אזוי שריי איך, וועגען געוואלדטהאט אונד רויב רוף איך אויס, ווייל דאס ווארט פון דעם האר איז צו מיר געווארען צו שאנד אונד צו שפאט דעם גאנצען טאג: 9 אונד ווען איך זאג איך וועל איהם ניט מעהר געדענקען, אונד איך וועל ניט מעהר רעדען אין זיין נאמען, אזוי ווערט מיר אין מיין הארץ וויא איין אנגעצינדענעס פייער, פערשלאסען אין מיינע ביינער, אונד ווען איך בעמיהע מיך עס איינצוהאלטען, אזוי קען איך ניט: 10 ווארין איך האב געהערט דאס רעדען פון פילע, פארכט פון ארום! זאגט עס אן אונד מיר וועלען עס איהם אנזאגען, אלע מענשען וואס זענען מיט מיר פריידליך, היטען מיין הינקענדיגען טריט, טאמער וועט ער זיך לאזען איבערערעדען, אזוי וועלען מיר איהם בייקומען, אונד מיר וועלען דאן אונזערע נקמה אן איהם נעמען: 11 אבער דער האר איז מיט מיר, גלייך וויא א שטארקער העלד, דארום וועלען מיינע נאכיאגערס געשטרויכעלט ווערען אונד וועלען ניט בייקומען, זייא וועלען זעהר צו שאנדען ווערען — ווארין זייא האבען ניט בעגליקט — מיט איינע עביגע שמאך וואס עס וועט ניט פערגעסען ווערען: 12 אבער דער האר צבאות פרופט דעם גערעכטען, ער זעהט דיא נירען אונד דאס הארץ, איך וועל זעהען דיינע נקמה פון זייא ווארין צו דיר האב איך אנטפלעקט מיין קריג: 13 זינגט צו דעם האר, לויבט דעם האר, ווארין ער האט מציל געוועזען דיא זעלע פון דעם נויטה־בעדערפטיגען פון דער האנד פון דיא שלעכטע: 14 פערפלוכט זאל זיין דער טאג אין וועלכען איך בין געבוירען געווארען, דער טאג אין וועלכען מיינע מוטער האט מיך געבוירען זאל ניט געבענשט זיין: 15 פערפלוכט זאל זיין דער מענש וואס האט מיין פאטער אנגעזאגט, אזוי צו זאגען, א זכר איז צו דיר געבוירען געווארען, וואס ער האט איהם פרעליך געמאכט: 16 אונד יענער מענש זאל זיין אזוי וויא דיא שטעט וואס דער האר האט אומגעקעהרט, אונד ער האט קיינע חרטה געהאט, אונד ער זאל הערען א געשרייא אם פריה־מארגען, אונד א שאלונג (פון קריג) אם מיטאג־צייט: 17 ווייל ער האט מיך ניט געטייט פון דעם מוטער־לייב, אזוי וואלט מיר געוועזען מיינע מוטער מיין קבר, אונד איהר מוטער־לייב איינע עביגע שוואנגערשאפט: 18 ווארום בין איך דען ארויסגעגאנגען פון דעם מוטער־לייב, צו זעהען מיה אונד טרויערקייט? אונד דאס מיינע טעג זאלען זיך פערלענדערן מיט שאנד?

### קאפיטעל כא

1 דאס איז דאס ווארט וואס איז געוועזען צו ירמיהו פון דעם האר, ווען דער קעניג צדקיהו האט צו איהם געשיקט פשחור, זוהן פון מלכיה, אונד צפניה, זוהן פון מעשיה הכהן, וואס זייא האבען געזאגט: 2 פארש דאך וועגען אונס בייא דעם האר, ווארין נבוכדראצר קעניג פון בבל האלט מלחמה קעגען אונס, טאמער וועט דער האר מיט אונס טהון אזוי וויא נאך אלע זיינע וואונדער דאס ער זאל ארויפגעהן פון אונס: 3 אונד ירמיהו האט צו זייא געזאגט, אזוי זאלט איהר זאגען צו צדקיהו: 4 אזוי זאגט דער האר, גאט

ישראל הנני מסב את־כלי המלחמה אשר בידכם אשר
אתם נלחמים בם את־מלך בבל ואת־הכשדים הצרים
עליכם מחוץ לחומה ואספתי אותם אל־תוך העיר
ה הזאת: ונלחמתי אני אתכם ביד נטויה ובזרוע חזקה
6 ובאף ובחמה ובקצף גדול: והכיתי את־יושבי העיר
הזאת ואת־האדם ואת־הבהמה בדבר גדול ימתו:
7 ואחרי־כן נאם־יהוה אתן את־צדקיהו מלך־יהודה ואת־
עבדיו ואת־העם ואת־הנשארים בעיר הזאת מן־הדבר
מן־החרב ומן־הרעב ביד נבוכדראצר מלך־בבל וביד
איביהם וביד מבקשי נפשם והכם לפי־חרב לא־יחוס
8 עליהם ולא יחמל ולא ירחם: ואל־העם הזה תאמר
כה אמר יהוה הנני נתן לפניכם את־דרך החיים ואת־
9 דרך המות: הישב בעיר הזאת ימות בחרב וברעב
ובדבר והיוצא ונפל על־הכשדים הצרים עליכם יחיה
י והיתה־לו נפשו לשלל: כי־שמתי פני בעיר הזאת
לרעה ולא לטובה נאם־יהוה ביד מלך־בבל תנתן ושרפה
11 באש: ולבית מלך יהודה שמעו דבר־יהוה: בית דוד 12
כה אמר יהוה דינו לבקר משפט והצילו גזול מיד עושק
פן־תצא כאש חמתי ובערה ואין מכבה מפני רע
13 מעלליהם: הנני אליך ישבת העמק צור המישר נאם־
יהוה האמרים מי־יחת עלינו ומי יבוא במעונותינו:
14 ופקדתי עליכם כפרי מעלליכם נאם־יהוה והצתי אש
ביערה ואכלה כל־סביביה:

# כב

כב

א כה אמר יהוה רד בית־מלך יהודה ודברת שם את־
2 הדבר הזה: ואמרת שמע דבר־יהוה מלך יהודה הישב
י על־כסא דוד אתה ועבדיך ועמך הבאים בשערים

פון ישראל, זעה, איך קעהר אוועק דאס געוועהר פון דיא מלחמה וואס זענען אין אייערע הענד וואס איהר האלט מיט זייא מלחמה מיט דעם קעניג פון בבל אונד דיא כשדים, וואס דריקען אייך פון דרויסען צו דיא מויער, אונד איך וועל זייא פערזאמלען אין דער מיטען פון דער דאזיגער שטאט: 5 אונד איך וועל מיט אייך מלחמה האלטען מיט איינע אויסגעשטרעקטע האנד אונד מיט א שטארקען ארעם, אונד מיט צארן אונד גרימצארן, אונד מיט גרויסען כעס: 6 אונד איך וועל שלאגען דיא איינוואוינער פון דער דאזיגער שטאט, מענשען אונד בהמות, דורך א גרויסע פעסט וועלען זייא שטארבען: 7 אונד נאכדעם, זאגט דער האר, וועל איך געבען צדקיהו דעם קעניג פון יהודה, אונד זיינע קנעכט, אונד דאס פאלק, אונד דיא איבערגעבליבענע אין דער דאזיגער שטאט פון דער פעסט, פון דעם שווערד אונד פון דעם הונגער, אין דיא האנד פון נבוכדראצר קעניג פון בבל, אונד אין דיא האנד פון זיירע פיינד, אונד אין דיא האנד פון דיא וואס בעגעהרען זיירע זעלע, אונד זייא וועלען זייא שלאגען מיט דער שארף פון דעם שווערד, ער וועט זיך ניט דערבארמען איבער זייא, ער וועט ניט שוינען אונד ער וועט קיין רחמנות האבען: 8 אונד צו דעם דאזיגען פאלק זאלסט דוא זאגען, אזוי האט געזאגט דער האר, זעהט, איך געב פאר אייך דעם וועג פון דעם לעבען אונד דעם וועג פון דעם טויט: 9 דער וואס בלייבט אין דער דאזיגער שטאט וועט שטארבען דורך דעם שווערד אונד דורך דעם הונגער אונד דורך דיא פעסט, אונד דער וואס וועט ארויסגעהן, אונד וועט צופאלען צו דיא כשדים וואס בעלאגערן אייך, וועט לעבען, אונד זיינע זעלע וועט צו איהם זיין צו רויב: 10 וואריך איך האב געטהון מיין פנים צו דיא דאזיגע שטאט צום שלעכטען אונד ניט צום גוטען, זאגט דער האר, אין דיא האנד פון דעם קעניג פון בבל, וועט זיא איבערגעגעבען ווערען, אונד ער וועט זיא פערברענען מיט פייער: 11 אונד צו דעם הויזגעזינד פון דעם קעניג פון יהודה (זאלסט דוא זאגען), הערט דאס ווארט פון דעם האר: 12 דוא הויז פון דוד! אזוי זאגט דער האר, משפט נאך רעכט איטליכען פריה־מארגען, אונד זייט מציל דעם בערויבטען פון דיא האנד פון דעם אונטערדריקער, כדי מיין גרימצארן זאל ניט ארויסגעהן אזוי וויא דאס פייער אונד פערברענען, אונד עס וועט ניט זיין קיין לעשער, וועגען אייערע שלעכטע ווערק: 13 זעה, איך בין קעגען דיר, דוא איינוואוינער אין דעם טאהל, דוא פעלז פון דעם פלוין, זאגט דער האר, קעגען דיא וואס זאגען, ווער וועט ארונטערברעכען אויף אונס? אונד ווער וועט אריינקומען אין אונזערע וואוינונגען? 14 אבער איך וועל אייך בעשטראפען נאך דיא פרוכט פון אייערע ווערק, זאגט דער האר, אונד איך וועל אנצינדען א פייער אין איהר וואלד, אונד עס וועט פערברענען איהרע גאנצע אומגעגענד:

## קאפיטעל כב

1 אזוי האט דער האר געזאגט, געה ארונטער צו דעם הויז פון דעם קעניג פון יהודה, אונד דוא זאלסט דארטען רעדען דאס דאזיגע ווארט: 2 אונד דוא זאלסט זאגען, הער דאס ווארט פון דעם האר, דוא קעניג פון יהודה, וואס זיצסט אויף דעם שטוהל פון דוד, דוא אונד דיין קנעכט אונד דיין פאלק וואס קומען אריין דורך דיא

הָאֵלֶּה׃ כֹּה ׀ אָמַר יְהוָה עֲשׂוּ מִשְׁפָּט וּצְדָקָה וְהַצִּילוּ 3
גָזוּל מִיַּד עָשׁוֹק וְגֵר יָתוֹם וְאַלְמָנָה אַל־תֹּנוּ אַל־תַּחְמֹסוּ
וְדָם נָקִי אַל־תִּשְׁפְּכוּ בַּמָּקוֹם הַזֶּה׃ כִּי אִם־עָשׂוֹ תַּעֲשׂוּ 4
אֶת־הַדָּבָר הַזֶּה וּבָאוּ בְשַׁעֲרֵי הַבַּיִת הַזֶּה מְלָכִים יֹשְׁבִים
לְדָוִד עַל־כִּסְאוֹ רֹכְבִים בָּרֶכֶב וּבַסּוּסִים הוּא וַעֲבָדָו וְעַמּוֹ׃
וְאִם לֹא תִשְׁמְעוּ אֶת־הַדְּבָרִים הָאֵלֶּה בִּי נִשְׁבַּעְתִּי נְאֻם־ ה
יְהוָה כִּי־לְחָרְבָּה יִהְיֶה הַבַּיִת הַזֶּה׃ כִּי־כֹה ׀ אָמַר 6
יְהוָה עַל־בֵּית מֶלֶךְ יְהוּדָה גִּלְעָד אַתָּה לִי רֹאשׁ הַלְּבָנוֹן
אִם־לֹא אֲשִׁיתְךָ מִדְבָּר עָרִים לֹא נוֹשָׁבָה׃ וְקִדַּשְׁתִּי עָלֶיךָ 7
מַשְׁחִתִים אִישׁ וְכֵלָיו וְכָרְתוּ מִבְחַר אֲרָזֶיךָ וְהִפִּילוּ עַל־
הָאֵשׁ׃ וְעָבְרוּ גּוֹיִם רַבִּים עַל הָעִיר הַזֹּאת וְאָמְרוּ אִישׁ 8
אֶל־רֵעֵהוּ עַל־מֶה עָשָׂה יְהוָה כָּכָה לָעִיר הַגְּדוֹלָה הַזֹּאת׃
וְאָמְרוּ עַל אֲשֶׁר עָזְבוּ אֶת־בְּרִית יְהוָה אֱלֹהֵיהֶם וַיִּשְׁתַּחֲווּ 9
לֵאלֹהִים אֲחֵרִים וַיַּעַבְדוּם׃ אַל־תִּבְכּוּ לְמֵת וְאַל־ י
תָּנֻדוּ לוֹ בְּכוּ בָכוֹ לַהֹלֵךְ כִּי לֹא יָשׁוּב עוֹד וְרָאָה אֶת־
אֶרֶץ מוֹלַדְתּוֹ׃ כִּי כֹה אָמַר־יְהוָה אֶל־שַׁלֻּם בֶּן־יֹאשִׁיָּהוּ 11
מֶלֶךְ יְהוּדָה הַמֹּלֵךְ תַּחַת יֹאשִׁיָּהוּ אָבִיו אֲשֶׁר יָצָא מִן־
הַמָּקוֹם הַזֶּה לֹא־יָשׁוּב שָׁם עוֹד׃ כִּי בִּמְקוֹם אֲשֶׁר־הִגְלוּ 12
אֹתוֹ שָׁם יָמוּת וְאֶת־הָאָרֶץ הַזֹּאת לֹא־יִרְאֶה עוֹד׃
הוֹי בֹּנֶה בֵיתוֹ בְּלֹא־צֶדֶק וַעֲלִיּוֹתָיו בְּלֹא מִשְׁפָּט בְּרֵעֵהוּ 13
יַעֲבֹד חִנָּם וּפֹעֲלוֹ לֹא יִתֶּן־לוֹ׃ הָאֹמֵר אֶבְנֶה־לִּי בֵּית 14
מִדּוֹת וַעֲלִיּוֹת מְרֻוָּחִים וְקָרַע לוֹ חַלּוֹנָי וְסָפוּן בָּאָרֶז וּמָשׁוֹחַ
בַּשָּׁשַׁר׃ הֲתִמְלֹךְ כִּי אַתָּה מְתַחֲרֶה בָאָרֶז אָבִיךָ הֲלוֹא טו
אָכַל וְשָׁתָה וְעָשָׂה מִשְׁפָּט וּצְדָקָה אָז טוֹב לוֹ׃ דָּן דִּין 16
עָנִי וְאֶבְיוֹן אָז טוֹב הֲלוֹא־הִיא הַדַּעַת אֹתִי נְאֻם־יְהוָה׃ כִּי 17
אֵין עֵינֶיךָ וְלִבְּךָ כִּי אִם־עַל־בִּצְעֶךָ וְעַל דַּם־הַנָּקִי לִשְׁפּוֹךְ
וְעַל־הָעֹשֶׁק וְעַל־הַמְּרוּצָה לַעֲשׂוֹת׃ לָכֵן כֹּה־אָמַר 18

דָאזִיגֶע טוֹיעֶרְן׃ 3 אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר, טְהוּט מִשְׁפָּט אוּנְד צְדָקָה, אוּנְד בֶּעפְרֵייעֶט דֶעם גֶערוֹיבְּטֶען פוּן דֶעם אוּנְטֶערדְרִיקֶער, אוּנְד דֶעם פְרֶעמְדֶען, אוּנְד דֶעם יָתוֹם אוּנְד דִיא אַלְמָנָה זָאלְט אִיהְר נִיט דְרִיקֶען, אוּנְד נִיט בֶּערוֹיבֶּען, אוּנְד אִיהְר זָאלְט נִיט פֶערְגִיסֶען אוּנְשׁוּלְדִיגֶעס בְּלוּט אִין דֶעם דָאזִיגֶען אָרְט׃ 4 וָוארְט וֶוען אִיהְר וֶועט דִיא דָאזִיגֶע זַאךְ טְהוּן, אַזוֹי וֶועלֶען קוּמֶען דוּרְךְ דִיא טוֹיעֶרְן פוּן דֶעם דָאזִיגֶען הוֹיז, קֶענִיגֶע וָואס וֶועלֶען זִיצֶען אוֹיף דֶעם טְרוֹין־שְׁטוּהְל פוּן דָוִד, אוּנְד רֵייטֶער אוֹיף רֵייטְוֶועגֶען אוּנְד פֶערְד, עֶר, זֵיינֶע קְנֶעכְט, אוּנְד זֵיין פָאלְק׃ 5 אָבֶּער וֶוען אִיהְר וֶועט נִיט הֶערֶען דִיא דָאזִיגֶע וֶוערְטֶער, אַזוֹי הָאבּ אִיךְ בֵּייא מִיר גֶעשְׁוְואוֹירֶען, זָאגְט דֶער הַאר, אַז דָאס דָאזִיגֶע הוֹיז וֶועט זֵיין צוּ אֵיינֶע צוּשְׁטֶערוּנְג׃ 6 וָוארִין אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר, צוּ דֶעם הוֹיז פוּן דֶעם קֶענִיג פוּן יְהוּדָה, חָאטְשֶׁע דוּא בִּיסְט מִיר אַזוֹי וִויא גִלְעָד, (אָדֶער וִויא) דֶער שְׁפִּיץ פוּן לְבָנוֹן, דָאךְ וֶועל אִיךְ דִיךְ מַאכֶען צוּ וִויסְט, אַזוֹי וִויא שְׁטֶעט וָואס זֶענֶען נִיט בֶּעווְאוֹינְט׃ 7 אוּנְד אִיךְ וֶועל צוּבֶּערֵייטֶען קֶעגֶען דִיר פֶערְדֶערְבֶּער, דֶעם מַאן אוּנְד זֵיין גֶעוֶועהְר, אוּנְד זֵייא וֶועלֶען אָפְּשְׁנֵיידֶען דֵיינֶע בֶּעסְטֶע צֶעדֶערְבֵּיימֶער, אוּנְד זֵייא וֶועלֶען זֵייא וַוארְפֶען אוֹיף דֶעם פֵייעֶר׃ 8 אוּנְד עֶס וֶועלֶען פִיל פֶעלְקֶער פָארְאִיבֶּערְגֶעהְן בֵּייא דִיא דָאזִיגֶע שְׁטָאט, אוּנְד זֵייא וֶועלֶען זָאגֶען אֵיינֶער צוּ דֶעם אַנְדֶערְן, פַארְוָואס הָאט דֶער הַאר אַזוֹי גֶעטְהוּן צוּ דֶער דָאזִיגֶער גְרוֹיסֶער שְׁטָאט׃ 9 אוּנְד מֶען וֶועט זָאגֶען, וֵוייל זֵייא הָאבֶּען פֶערְלָאזְט דֶעם בּוּנְד פוּן דֶעם הַאר, זֵייעֶר גָאט, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זִיךְ גֶעבִּיקְט צוּ פְרֶעמְדֶע גֶעטֶער, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זֵייא גֶעדִינְט׃ 10 אִיהְר זָאלְט נִיט וֵויינֶען וֶועגֶען דֶעם טוֹיטֶען, אוּנְד אִיהְר זָאלְט וֶועגֶען אִיהְם נִיט קְלָאגֶען, וֵויינְט, יָא וֵויינְט, אִיבֶּער דֶעם וָואס גֶעהְט אַוֶועק, וֵוייל עֶר וֶועט זִיךְ נִיט מֶעהְר צוּרִיקְקֶעהְרֶען אוּנְד זֶעהֶען דָאס לַאנְד פוּן זֵיינֶע גֶעבּוּרְט! 11 וָוארִין אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר צוּ שַׁלּוּם, זוּהְן פוּן יֹאשִׁיָּהוּ, קֶענִיג פוּן יְהוּדָה, וָואס רֶעגִירְט אִין דֶער שְׁטֶעל פוּן זֵיין פָאטֶער יֹאשִׁיָּהוּ, וָואס אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען פוּן דֶעם דָאזִיגֶען אָרְט, עֶר וֶועט זִיךְ דָארְטֶען נִיט מֶעהְר צוּרִיקְקֶעהְרֶען׃ 12 וָוארִין אִין דֶעם אָרְט וְואוּ זֵייא הָאבֶּען אִיהְם פֶערְטְרִיבֶּען, דָארְטֶען וֶועט עֶר שְׁטַארְבֶּען, אוּנְד דָאס דָאזִיגֶע לַאנְד וֶועט עֶר נִיט מֶעהְר זֶעהֶען׃ 13 וֶועה אִיז דֶעם וָואס בּוֹיעֶט זֵיין הוֹיז מִיט אוּנְגֶערֶעכְטִיגְקֵייט, אוּנְד זֵיינֶע אוֹיבֶּער־שְׁטוּבֶּען מִיט אוּמְרֶעכְט, וָואס אַרְבֵּייט מִיט זֵיין פְרֵיינְד אוּמְזִיסְט אוּנְד בֶּעצָאהְלְט אִיהְם נִיט פַאר זֵיינֶע אַרְבֵּייט׃ 14 דֶער וָואס זָאגְט אִיךְ וֶועל מִיר בּוֹיעֶן (גְרוֹיסֶע) מָאסֶען אַ הוֹיז, אוּנְד גְרָאמֶע אוֹיבֶּער־שְׁטוּבֶּען, אוּנְד עֶר רֵייסְט זִיךְ אוֹיף פֶענְסְטֶער, אוּנְד בֶּעדֶעקְט זֵייא מִיט צֶעדֶערְן, אוּנְד בֶּעפַארְבְּט זֵייא מִיט רוֹיטֶע פַארְבּ׃ 15 וֶועסְט דוּא דֶען רֶעגִירֶען וֵוייל דוּא מַאכְסְט דִיךְ גְרוֹיס מִיט צֶעדֶערְן? דֵיין פָאטֶער, הָאט עֶר נִיט גֶעגֶעסֶען אוּנְד גֶעטְרוּנְקֶען? וֶוען עֶר הָאט גֶעטְהוּן מִשְׁפָּט אוּנְד צְדָקָה, דֶענְסְמָאל אִיז עֶס אִיהְם גוּט גֶעגַאנְגֶען׃ 16 עֶר הָאט גֶעמִשְׁפָּט דֶעם דִין פַאר דֶעם אָרֶעמֶען אוּנְד בֶּעדֶערְפְטִיגֶען, דֶענְסְמָאל אִיז עֶס גוּט גֶעוֶועזֶען! אִיז עֶס נִיט דִיא עֶרְקֶענְטְנִיס פוּן מִיר? זָאגְט דֶער הַאר׃ 17 וָוארִין דֵיינֶע אוֹיגֶען אוּנְד דֵיין הַארְץ זֶענֶען נָאר גֶערִיכְטֶעט אוֹיף דֵיין גֶעוִוין (גֶעלְד), אוּנְד אוֹיף דָאס אוּנְשׁוּלְדִיגֶע בְּלוּט, עֶס צוּ פֶערְגִיסֶען, אוּנְד אוֹיף בֶּעדְרִיקוּנְג, אוּנְד אוֹיף גֶעוַואלְדְטְהָאט צוּ טְהוּן׃ 18 דָארוּם אַזוֹי זָאגְט דֶער

יְהוָה אֶל־יְהוֹיָקִים בֶּן־יֹאשִׁיָּהוּ מֶלֶךְ יְהוּדָה לֹא־יִסְפְּדוּ לוֹ
הוֹי אָחִי וְהוֹי אָחוֹת לֹא־יִסְפְּדוּ לוֹ הוֹי אָדוֹן וְהוֹי הֹדֹה:
19 קְבוּרַת חֲמוֹר יִקָּבֵר סָחוֹב וְהַשְׁלֵךְ מֵהָלְאָה לְשַׁעֲרֵי
כ יְרוּשָׁלָםִ: עֲלִי הַלְּבָנוֹן וּצְעָקִי וּבַבָּשָׁן תְּנִי קוֹלֵךְ
21 וְצַעֲקִי מֵעֲבָרִים כִּי נִשְׁבְּרוּ כָּל־מְאַהֲבָיִךְ: דִּבַּרְתִּי אֵלַיִךְ
בְּשַׁלְוֹתַיִךְ אָמַרְתְּ לֹא אֶשְׁמָע זֶה דַרְכֵּךְ מִנְּעוּרַיִךְ כִּי לֹא־
22 שָׁמַעַתְּ בְּקוֹלִי: כָּל־רֹעַיִךְ תִּרְעֶה־רוּחַ וּמְאַהֲבַיִךְ בַּשְּׁבִי
23 יֵלֵכוּ כִּי אָז תֵּבֹשִׁי וְנִכְלַמְתְּ מִכֹּל רָעָתֵךְ: יֹשַׁבְתְּי בַּלְּבָנוֹן
מְקֻנַּנְתְּי בָּאֲרָזִים מַה־נֵּחַנְתְּ בְּבֹא־לָךְ חֲבָלִים חִיל כַּיֹּלֵדָה:
24 חַי־אָנִי נְאֻם־יְהוָה כִּי אִם־יִהְיֶה כָּנְיָהוּ בֶּן־יְהוֹיָקִים מֶלֶךְ
כה יְהוּדָה חוֹתָם עַל־יַד יְמִינִי כִּי מִשָּׁם אֶתְּקֶנְךָּ: וּנְתַתִּיךָ
בְּיַד מְבַקְשֵׁי נַפְשֶׁךָ וּבְיַד אֲשֶׁר־אַתָּה יָגוֹר מִפְּנֵיהֶם וּבְיַד
26 נְבוּכַדְרֶאצַּר מֶלֶךְ־בָּבֶל וּבְיַד הַכַּשְׂדִּים: וְהֵטַלְתִּי אֹתְךָ
וְאֶת־אִמְּךָ אֲשֶׁר יְלָדַתְךָ עַל הָאָרֶץ אַחֶרֶת אֲשֶׁר לֹא־יֻלַּדְתֶּם
27 שָׁם וְשָׁם תָּמוּתוּ: וְעַל־הָאָרֶץ אֲשֶׁר־הֵם מְנַשְּׂאִים אֶת־
28 נַפְשָׁם לָשׁוּב שָׁם שָׁמָּה לֹא יָשׁוּבוּ: הַעֶצֶב נִבְזֶה נָפוּץ
הָאִישׁ הַזֶּה כָּנְיָהוּ אִם־כְּלִי אֵין חֵפֶץ בּוֹ מַדּוּעַ הוּטְלוּ הוּא
29 וְזַרְעוֹ וְהֻשְׁלְכוּ עַל־הָאָרֶץ אֲשֶׁר לֹא־יָדָעוּ: אֶרֶץ אֶרֶץ אָרֶץ
ל שִׁמְעִי דְּבַר־יְהוָה: כֹּה ׀ אָמַר יְהוָה כִּתְבוּ אֶת־הָאִישׁ הַזֶּה
עֲרִירִי גֶּבֶר לֹא־יִצְלַח בְּיָמָיו כִּי לֹא יִצְלַח מִזַּרְעוֹ אִישׁ
יֹשֵׁב עַל־כִּסֵּא דָוִד וּמֹשֵׁל עוֹד בִּיהוּדָה:

## כג

כג

א הוֹי רֹעִים מְאַבְּדִים וּמְפִצִים אֶת־צֹאן מַרְעִיתִי נְאֻם־יְהוָה:
2 לָכֵן כֹּה־אָמַר יְהוָה אֱלֹהֵי יִשְׂרָאֵל עַל־הָרֹעִים הָרֹעִים
אֶת־עַמִּי אַתֶּם הֲפִצֹתֶם אֶת־צֹאנִי וַתַּדִּחוּם וְלֹא פְקַדְתֶּם
אֹתָם הִנְנִי פֹקֵד עֲלֵיכֶם אֶת־רֹעַ מַעַלְלֵיכֶם נְאֻם־יְהוָה:
3 וַאֲנִי אֲקַבֵּץ אֶת־שְׁאֵרִית צֹאנִי מִכֹּל הָאֲרָצוֹת אֲשֶׁר־הִדַּחְתִּי

הַאר אויף יְהוֹיָקִים, זוּהְן פוּן יֹאשִׁיָּהוּ, קֶענִיג פוּן יְהוּדָה, מֶען וֶועט נִיט קְלָאגֶען וֶועגֶען אִיהְם, וֶועה, מֵיין בְּרוּדֶער, אוּנְד וֶועה מֵיינֶע שְׁוֶועסְטֶער, מֶען וֶועט אִיהְם נִיט בֶּעקְלָאגֶען, אוֹי וֶועה הַאר, אָדֶער וֶועה אִיז צוּ זֵיינֶע שֶׁעהְנְקֵייט (מַאיֶעסְטֶעט): 19 גְלֵייךְ וִויא דָאס בֶּעגְרֶעבֶּענִיס פוּן אֵיין עֶזֶעל וֶועט עֶר בֶּעגְרוּבֶּען וֶוערֶען, גֶעשְׁלֶעפְּט אוּנְד פֶערְוָוארְפֶען וֵוייט פוּן דִיא טוֹיעֶרְן פוּן יְרוּשָׁלַיִם: 20 גֶעה אַרוֹיף אוֹיף דֶעם לְבָנוֹן, אוּנְד שְׁרֵייא, אוּנְד אִין בָּשָׁן גֶעבּ אַרוֹיס דֵיין קוֹל, אוּנְד שְׁרֵייא פוּן עֲבָרִים, אַז אַלֶע דֵיינֶע לִיבְּהָאבֶּער זֶענֶען צוּבְּרָאכֶען גֶע־וָוארֶען: 21 אִיךְ הָאבּ צוּ דִיר גֶערֶעט אִין דֵיינֶע רוּהִיגְקֵייטֶען, (אָבֶּער) דוּא הָאסְט גֶעזָאגְט אִיךְ וִויל נִיט הֶערֶען! דָאס אִיז דֵיין וֶועג פוּן דֵיינֶע יוּגֶענְד אָן, וָוארִין דוּא הָאסְט נִיט גֶעהֶערְט מֵיין קוֹל: 22 אַלֶע דֵיינֶע פַּאסְטוּכֶער וֶועט דֶער וִוינְד פִיטֶערְן, אוּנְד דֵיינֶע לִיבְּהָאבֶּער וֶועלֶען גֶעהְן אִין גֶעפַאנְגֶענְשַׁאפְט, וָוארִין דֶענְסְמָאל וֶועסְט דוּא צוּ שַׁאנְדֶע וֶוערֶען, אוּנְד דוּא וֶועסְט דִיךְ שֶׁעמֶען וֶועגֶען אַלֶע דֵיינֶע שְׁלֶעכְטִיגְ־קֵייט: 23 דוּא אֵיינְוְואוֹינֶערִין אוֹיף דֶעם לְבָנוֹן, דוּא מַאכְסְט דֵיין נֶעסְט אִין צֶעדֶערְן, וִויא אַזוֹי וֶועסְט דוּא זֵיין צוּ מִיטְלֵיידֶען, וֶוען וֶועטָאגֶען וֶועלֶען צוּ דִיר קוּמֶען, צִיטֶערְנִיס וִויא פוּן אַ גֶעוִוינֶערִין: 24 אַזוֹי וָואהְר וִויא אִיךְ לֶעבּ, זָאגְט דֶער הַאר, דָאס וֶוען כָּנְיָהוּ זוּהְן פוּן יְהוֹיָקִים, קֶענִיג פוּן יְהוּדָה זָאל זֵיין וִויא אַ זִיגֶעלְרִינְג אַן מֵיינֶע רֶעכְטֶע הַאנְד, דָאךְ פוּן דָארְטֶען וֶועל אִיךְ דִיךְ אוֹיךְ אַוֶועקְרֵייסֶען: 25 אוּנְד אִיךְ וֶועל דִיךְ גֶעבֶּען אִין דִיא הַאנְד פוּן דִיא וָואס בֶּעגֶעהְרֶען דֵיינֶע זֶעלֶע, אוּנְד אִין דִיא הַאנְד פוּן דִיא פָאר וֶועלְכֶע דוּא הָאסְט פָארְכְט, אוּנְד אִין דִיא הַאנְד פוּן נְבוּכַדְרֶאצַּר קֶענִיג פוּן בָּבֶל, אוּנְד אִין דִיא הַאנְד פוּן דִיא כַּשְׂדִים: 26 אוּנְד אִיךְ וֶועל דִיךְ פֶערְוַוארְפֶען, אוּנְד דֵיינֶע מוּטֶער וָואס הָאט דִיךְ גֶעבּוֹירֶען, אִין אֵיין אַנְדֶער לַאנְד, וְואוּ אִיהְר זֶענְט דָארְטֶען נִיט גֶעבּוֹירֶען גֶעוָוארֶען, אוּנְד דָארְטֶען וֶועט אִיהְר שְׁטַארְבֶּען: 27 אוּנְד אִיבֶּער דֶעם לַאנְד אוֹיף וֶועלְכֶעם זֵייא דֶערְהֶעבֶּען זֵיירֶע זֶעלֶע כְּדֵי דָארְט צוּרִיק צוּ קֶעהְרֶען, דָארְט וֶועלֶען זֵייא נִיט צוּרִיקְקֶעהְרֶען: 28 אִיז דֶען דֶער דָאזִיגֶער מַאן כָּנְיָהוּ (יְהוֹיָכִין) אֵיין אוּמְרֵיינֶעס גֶעצֶענְבִּילְדְ, אַ צוּבְּרָאכֶענֶע זַאךְ? אָדֶער אַ כְּלִי וָואס קֵיינֶער בֶּעגֶעהְרְט אִיהְם נִיט? וָוארוּם אִיז עֶר אוּנְד זֵיינֶע זָאמֶען (קִינְדֶער) אַוֶועקְגֶעטְרָאגֶען אוּנְד אַוֶועקְ־גֶעוָוארְפֶען גֶעוָוארֶען, אִין דֶעם לַאנְד וֶועלְכֶעס זֵייא קֶענֶען נִיט? 29 אוֹי לַאנְד, לַאנְד, לַאנְד! הֶער דָאס וָוארְט פוּן דֶעם הַאר: 30 אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר, שְׁרֵייבְּט אֵיין דֶעם דָאזִיגֶען מַאן אַלְס אָהְן קִינְדֶער, אַלְס אַ מַאן וָואס בֶּעגְלִיקְט נִיט אִין זֵיינֶע טֶעג, וָוארִין עֶס וֶועט קֵיינֶעם פוּן זֵיינֶע קִינְדֶער נִיט גְלִיקֶען, דָאס עֶר זָאל זִיצֶען אוֹיף דֶעם שְׁטוּהְל פוּן דָוִד, אַז עֶר זָאל וִוידֶער רֶעגִירֶען אִין יְהוּדָה:

## קאפיטעל כג

1 אוֹי וֶועה! צוּ דִיא פַּאסְטוּכֶער וָואס מַאכֶען פֶערְלִירֶען אוּנְד פֶערְשְׁפְּרֵייטֶען דִיא שָׁאף פוּן מֵיינֶע פִיטֶערוּנְג, זָאגְט דֶער הַאר: 2 דָארוּם אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר, דֶער גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל, אוֹיף דִיא פַּאסְטוּכֶער וָואס פִיטֶערְן מֵיין פָאלְק, אִיהְר הָאט צוּשְׁפְּרֵייט מֵיינֶע שָׁאף אוּנְד אִיהְר הָאט זֵייא פֶערְשְׁטוֹיסֶען, אוּנְד אִיהְר הָאט וֶוענֶען זֵייא נִיט גֶעדֶענְקְט! זֶעה, אִיךְ בֶּעשְׁטְרָאף אֵייךְ פַאר אֵיירֶע שְׁלֶעכְטֶע וֶוערְק, זָאגְט דֶער הַאר: 3 אוּנְד אִיךְ וֶועל צוּרִיק אֵיינְזַאמֶעלְן דָאס אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּענֶע פוּן מֵיינֶע שָׁאף, פוּן אַלֶע לֶענְדֶער וְואוּ

אֹתָם שָׁם וַהֲשִׁבֹתִי אֶתְהֶן עַל־נְוֵהֶן וּפָרוּ וְרָבוּ׃ וַהֲקִמֹתִי 4
עֲלֵיהֶם רֹעִים וְרָעוּם וְלֹא־יִירְאוּ עוֹד וְלֹא־יֵחַתּוּ וְלֹא יִפָּקֵדוּ
נְאֻם־יְהוָה׃ הִנֵּה יָמִים בָּאִים נְאֻם־יְהוָה וַהֲקִמֹתִי ה
לְדָוִד צֶמַח צַדִּיק וּמָלַךְ מֶלֶךְ וְהִשְׂכִּיל וְעָשָׂה מִשְׁפָּט
וּצְדָקָה בָּאָרֶץ׃ בְּיָמָיו תִּוָּשַׁע יְהוּדָה וְיִשְׂרָאֵל יִשְׁכֹּן לָבֶטַח 6
וְזֶה־שְּׁמוֹ אֲשֶׁר־יִקְרְאוֹ יְהוָה ׀ צִדְקֵנוּ׃ לָכֵן הִנֵּה־יָמִים 7
בָּאִים נְאֻם־יְהוָה וְלֹא־יֹאמְרוּ עוֹד חַי־יְהוָה אֲשֶׁר הֶעֱלָה
אֶת־בְּנֵי יִשְׂרָאֵל מֵאֶרֶץ מִצְרָיִם׃ כִּי אִם־חַי־יְהוָה אֲשֶׁר 8
הֶעֱלָה וַאֲשֶׁר הֵבִיא אֶת־זֶרַע בֵּית יִשְׂרָאֵל מֵאֶרֶץ צָפוֹנָה
וּמִכֹּל הָאֲרָצוֹת אֲשֶׁר הִדַּחְתִּים שָׁם וְיָשְׁבוּ עַל־אַדְמָתָם׃
לַנְּבִאִים נִשְׁבַּר לִבִּי בְקִרְבִּי רָחֲפוּ כָּל־עַצְמוֹתַי 9
הָיִיתִי כְּאִישׁ שִׁכּוֹר וּכְגֶבֶר עֲבָרוֹ יָיִן מִפְּנֵי יְהוָה וּמִפְּנֵי
דִּבְרֵי קָדְשׁוֹ׃ כִּי מְנָאֲפִים מָלְאָה הָאָרֶץ כִּי־מִפְּנֵי אָלָה י
אָבְלָה הָאָרֶץ יָבְשׁוּ נְאוֹת מִדְבָּר וַתְּהִי מְרוּצָתָם רָעָה
וּגְבוּרָתָם לֹא־כֵן׃ כִּי־גַם־נָבִיא גַם־כֹּהֵן חָנֵפוּ גַּם־בְּבֵיתִי 11
מָצָאתִי רָעָתָם נְאֻם־יְהוָה׃ לָכֵן יִהְיֶה דַרְכָּם לָהֶם 12
כַּחֲלַקְלַקּוֹת בָּאֲפֵלָה יִדַּחוּ וְנָפְלוּ בָהּ כִּי־אָבִיא עֲלֵיהֶם
רָעָה שְׁנַת פְּקֻדָּתָם נְאֻם־יְהוָה׃ וּבִנְבִיאֵי שֹׁמְרוֹן 13
רָאִיתִי תִפְלָה הִנַּבְּאוּ בַבַּעַל וַיַּתְעוּ אֶת־עַמִּי אֶת־יִשְׂרָאֵל׃
וּבִנְבִאֵי יְרוּשָׁלִַם רָאִיתִי שַׁעֲרוּרָה נָאוֹף וְהָלֹךְ 14
בַּשֶּׁקֶר וְחִזְּקוּ יְדֵי מְרֵעִים לְבִלְתִּי־שָׁבוּ אִישׁ מֵרָעָתוֹ הָיוּ־
לִי כֻלָּם כִּסְדֹם וְיֹשְׁבֶיהָ כַּעֲמֹרָה׃ לָכֵן כֹּה־אָמַר טו
יְהוָה צְבָאוֹת עַל־הַנְּבִאִים הִנְנִי מַאֲכִיל אוֹתָם לַעֲנָה
וְהִשְׁקִתִים מֵי־רֹאשׁ כִּי מֵאֵת נְבִיאֵי יְרוּשָׁלִַם יָצְאָה חֲנֻפָּה
לְכָל־הָאָרֶץ׃ כֹּה־אָמַר יְהוָה צְבָאוֹת אַל־תִּשְׁמְעוּ 16
עַל־דִּבְרֵי הַנְּבִאִים הַנִּבְּאִים לָכֶם מַהְבִּלִים הֵמָּה אֶתְכֶם
חֲזוֹן לִבָּם יְדַבֵּרוּ לֹא מִפִּי יְהוָה׃ אֹמְרִים אָמוֹר לִמְנַאֲצַי 17

איך האב זייא פערשטויסען, אונד איך וועל זייא צוריקברענגען צו זייערע וואוינונגען (ווייטע פלעצער), אונד זייא וועלען זיין פרוכטבאר אונד זייא וועלען זיך פערמעהרען: 4 אונד איך וועל איבער זייא אויפשטעלען פאסטוכער, אונד זייא וועלען זייא פיטערן, אונד זייא וועלען ניט מעהר קיין מורא האבען, אונד זייא וועלען קיינע אנגסט ניט האבען, אונד זייא וועלען ניט מעהר געפעהלט ווערען, זאגט דער האר: 5 זעה, טעג קומען, זאגט דער האר, דאס איך וועל אויפשטעלען צו דוד א גערעכטע שפראצונג, אונד ער וועט רעגירען אלס קעניג, אונד ער וועט קלוג האנדלען, אונד ער וועט טהון משפט אונד צדקה אין דעם לאנד: 6 אין זיינע טעג וועט יהודה געהאלפען ווערען, אונד ישראל וועט וואוינען אין זיכערהייט, אונד דאס איז זיין נאמען, וואס מען וועט איהם רופען, יהוה אונזערע גערעכטיגקייט: 7 וואריו זעה, טעג קומען אן, זאגט דער האר, דאס מען וועט ניט מעהר זאגען, אזוי וואהר וויא דער האר לעבט, וואס האט ארויפגעבראכט דיא קינדער ישראל פון דעם לאנד מצרים: 8 נייערט, אזוי וואהר וויא דער האר לעבט, וואס האט ארויפגעבראכט אונד וואס האט געבראכט דיא קינדער פון דעם הויזגעזינד פון ישראל, פון דעם לאנד פון צפון־זייט, אונד פון אלע לענדער, וואו אהין איך האב זייא פערשטויסען, אונד זייא וועלען וואוינען אויף זייער אייגען לאנד: 9 וועגען דיא נביאים איז מיין הארץ געבראכען אין מיר, אלע מיינע ביינער ציטערן, איך בין געווארען וויא א בעטרונקענער מאן, אונד וויא א מאן וואס דער וויין האט איהם ביינעקומען, פון וועגען דעם האר, אונד פון וועגען זיינע הייליגע ווערטער: 10 וואריו פון זנות־טרייבער איז דאס לאנד פול געווארען, וואריו פון וועגען דעם פלוך איז דאס לאנד פערדארבען געווארען, דיא ווייטע פלעצער פון דער מדבר זענען אויסגעטריקענט געווארען, אונד זייער לויפען איז שלעכט געווארען, אונד זייערע קרעפטען זענען ניט רעכט: 11 וואריו אזוי וואויל וויא דער נביא אזוי אויך דער כהן זענען פאלש (חנפים), אויך אין מיין הויז האב איך געפונען זייערע שלעכטיגקייט, זאגט דער האר: 12 דארום זאל זייער וועג צו זייא זיין וויא גליטשיגע ערטער אין דער פינסטערניס, זייא זאלען געשטויסען ווערען אונד דארינען פאלען, וואריו איך וועל אויף זייא ברענגען שלעכטעס, דאס יאהר פון זייערע בעשטראפונג, זאגט דער האר: 13 אונד אונטער דיא נביאים פון שמרון האב איך געזעהען לעסטערונג, זייא האבען נביאות געזאגט דורך דעם בעל, אונד זייא האבען פערפיהרט מיין פאלק ישראל: 14 אונד אונטער דיא נביאים פון ירושלים האב איך שרעקליכעס געזעהען, עהעברעכען (זנות), אונד מיט פאלשקייט אומגעהען, אונד זייא האבען געשטארקט דיא הענד פון דיא וואס טהון שלעכטעס, דאס איטליכער מאן זאל זיך ניט צוריקקעהרען פון זיינע שלעכטיגקייט, זייא זענען מיר אלע געווארען וויא סדום, אונד איהרע איינוואוינער גלייך וויא עמורה: 15 דארום, אזוי זאגט דער האר צבאות, וועגען דיא נביאים, זעה, איך מאך זייא עסען ווערמוטה, אונד געב זייא צו טרינקען גאל־וואסער, וואריו פון דיא נביאים פון ירושלים איז ארויסגעגאנגען שמייכלערייא (הנופה) איבער דאס גאנצע לאנד: 16 אזוי זאגט דער האר צבאות, איהר זאלט ניט הערען אויף דיא ווערטער פון דיא נביאים, וואס זאגען צו אייך נביאות! זייא מאכען אייך נאריש, דאס זעהונג פון זייער הארץ רעדען זייא, אבער ניט פון דעם מויל פון דעם האר: 17 זייא זאגען אימער צו מיינע

דערצערנער

דַּבֵּר יְהוָה שָׁלוֹם יִהְיֶה לָכֶם וְכֹל הֹלֵךְ בִּשְׁרִרוּת לִבּוֹ
18 אָמְרוּ לֹא־תָבוֹא עֲלֵיכֶם רָעָה: כִּי מִי עָמַד בְּסוֹד יְהוָה
וְיֵרֶא וְיִשְׁמַע אֶת־דְּבָרוֹ מִי־הִקְשִׁיב דְּבָרִי וַיִּשְׁמָע:
19 הִנֵּה ׀ סַעֲרַת יְהוָה חֵמָה יָצְאָה וְסַעַר מִתְחוֹלֵל עַל רֹאשׁ
כ רְשָׁעִים יָחוּל: לֹא יָשׁוּב אַף־יְהוָה עַד־עֲשֹׂתוֹ וְעַד־הֲקִימוֹ
21 מְזִמּוֹת לִבּוֹ בְּאַחֲרִית הַיָּמִים תִּתְבּוֹנְנוּ בָהּ בִּינָה: לֹא־
שָׁלַחְתִּי אֶת־הַנְּבִאִים וְהֵם רָצוּ לֹא־דִבַּרְתִּי אֲלֵיהֶם וְהֵם
22 נִבָּאוּ: וְאִם־עָמְדוּ בְּסוֹדִי וְיַשְׁמִעוּ דְבָרַי אֶת־עַמִּי וִישִׁבוּם
23 מִדַּרְכָּם הָרָע וּמֵרֹעַ מַעַלְלֵיהֶם: הַאֱלֹהֵי מִקָּרֹב
24 אָנִי נְאֻם־יְהוָה וְלֹא אֱלֹהֵי מֵרָחֹק: אִם־יִסָּתֵר אִישׁ
בַּמִּסְתָּרִים וַאֲנִי לֹא־אֶרְאֶנּוּ נְאֻם־יְהוָה הֲלוֹא אֶת־הַשָּׁמַיִם
כה וְאֶת־הָאָרֶץ אֲנִי מָלֵא נְאֻם־יְהוָה: שָׁמַעְתִּי אֵת אֲשֶׁר־
אָמְרוּ הַנְּבִאִים הַנִּבְּאִים בִּשְׁמִי שֶׁקֶר לֵאמֹר חָלַמְתִּי
26 חָלָמְתִּי: עַד־מָתַי הֲיֵשׁ בְּלֵב הַנְּבִאִים נִבְּאֵי הַשָּׁקֶר וּנְבִיאֵי
27 תַּרְמִת לִבָּם: הַחֹשְׁבִים לְהַשְׁכִּיחַ אֶת־עַמִּי שְׁמִי בַּחֲלוֹמֹתָם
אֲשֶׁר יְסַפְּרוּ אִישׁ לְרֵעֵהוּ כַּאֲשֶׁר שָׁכְחוּ אֲבוֹתָם אֶת־שְׁמִי
28 בַּבָּעַל: הַנָּבִיא אֲשֶׁר־אִתּוֹ חֲלוֹם יְסַפֵּר חֲלוֹם וַאֲשֶׁר דְּבָרִי
אִתּוֹ יְדַבֵּר דְּבָרִי אֱמֶת מַה־לַתֶּבֶן אֶת־הַבָּר נְאֻם־יְהוָה:
29 הֲלוֹא כֹה דְבָרִי כָּאֵשׁ נְאֻם־יְהוָה וּכְפַטִּישׁ יְפֹצֵץ סָלַע:
ל לָכֵן הִנְנִי עַל־הַנְּבִאִים נְאֻם־יְהוָה מְגַנְּבֵי דְבָרַי אִישׁ מֵאֵת
31 רֵעֵהוּ: הִנְנִי עַל־הַנְּבִאִים נְאֻם־יְהוָה הַלֹּקְחִים לְשׁוֹנָם
32 וַיִּנְאֲמוּ נְאֻם: הִנְנִי עַל־נִבְּאֵי חֲלֹמוֹת שֶׁקֶר נְאֻם־יְהוָה
וַיְסַפְּרוּם וַיַּתְעוּ אֶת־עַמִּי בְּשִׁקְרֵיהֶם וּבְפַחֲזוּתָם וְאָנֹכִי לֹא־
שְׁלַחְתִּים וְלֹא צִוִּיתִים וְהוֹעֵיל לֹא־יוֹעִילוּ לָעָם־הַזֶּה נְאֻם־
33 יְהוָה: וְכִי־יִשְׁאָלְךָ הָעָם הַזֶּה אוֹ־הַנָּבִיא אוֹ־כֹהֵן לֵאמֹר
מַה־מַּשָּׂא יְהוָה וְאָמַרְתָּ אֲלֵיהֶם אֶת־מַה־מַּשָּׂא וְנָטַשְׁתִּי
34 אֶתְכֶם נְאֻם־יְהוָה: וְהַנָּבִיא וְהַכֹּהֵן וְהָעָם אֲשֶׁר יֹאמַר מַשָּׂא

דֶערְצֶערְנֶער, דֶער הַאר הָאט גֶערֶעט, עֶס וֶועט צוּ אֵייךְ זַיין שָׁלוֹם, אוּנְד צוּ אַלֶע, דִיא וָואס גֶעהְן אַרוּם מִיט דִיא גֶעדַאנְקֶען פוּן זֵייעֶר הַארְץ, זָאגֶען זֵייא, עֶס וֶועט קֵיין שְׁלֶעכְטֶעס אִיבֶּער אֵייךְ קוּמֶען: 18 וָוארִין וֶוער אִיז גֶעשְׁטַאנֶען אִין דֶעם סוֹד פוּן דֶעם הַאר, דָאס עֶר זָאל זֶעהֶען אוּנְד הֶערֶען זַיין וָוארְט? וֶוער הָאט פֶערְנוּמֶען זַיין וָוארְט, אוּנְד הָאט עֶס גֶעהֶערְט? 19 זֶעה, אַ שְׁטוּרְמְווִינְד פוּן דֶעם הַאר, אַ גְרִימְצָארְן אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען, אוּנְד אַ הֶעפְטִיגֶער שְׁטוּרְמְווִינְד, אוֹיף דִיא קֶעפּ פוּן דִיא רְשָׁעִים וֶועט עֶר פַאלֶען: 20 עֶס וֶועט זִיךְ נִיט אוּמְקֶעהְרֶען דֶער צָארְן פוּן דֶעם הַאר בִּיז עֶר וֶועט טְהוּן אוּנְד אוֹיפְשְׁטֶעלֶען דִיא גֶעדַאנְקֶען (פְּלֶענֶער) פוּן זַיין הַארְץ, אַם עֶנְדֶע פוּן דִיא טֶעג וֶועט אִיהְר עֶס גֶעוִויס פֶערְשְׁטֶעהְן: 21 אִיךְ הָאבּ דִיא נְבִיאִים נִיט גֶעשִׁיקְט, דָאךְ זֶענֶען זֵייא גֶעלָאפֶען, אִיךְ הָאבּ צוּ זֵייא נִיט גֶערֶעט, דָאךְ הָאבֶּען זֵייא נְבִיאוֹת גֶעזָאגְט: 22 אוּנְד וֶוען זֵייא וָואלְטֶען גֶעשְׁטַאנֶען אִין מֵיין רַאטְה, אוּנְד וָואלְטֶען מֵיין וָוארְט גֶעלָאזְט הֶערֶען צוּ מֵיין פָאלְק, אַזוֹי וָואלְטֶען זֵייא זֵייא צוּרִיקְ־גֶעקֶעהְרְט פוּן זֵייעֶר שְׁלֶעכְטֶען וֶועג, אוּנְד פוּן זֵייעֶרע שְׁלֶעכְטֶע מַעֲשִׂים: 23 בִּין אִיךְ דֶען אַ גָאט פוּן נָאהֶענְט, זָאגְט דֶער הַאר, אוּנְד נִיט אַ גָאט פוּן וַוייטֶען? 24 וֶוען אַ מַאן זָאל זִיךְ פֶערְבָּארְגֶען אִין פֶערְבָּארְגֶע־נֶע עֶרְטֶער, וֶועל אִיךְ אִיהְם דֶען נִיט זֶעהֶען? זָאגְט דֶער הַאר, דֶערְפִיל אִיךְ דֶען נִיט דִיא הִימֶעל אוּנְד דִיא עֶרְד? זָאגְט דֶער הַאר: 25 אִיךְ הָאבּ גֶעהֶערְט דָאס וָואס דִיא נְבִיאִים הָאבֶּען גֶעזָאגְט, וֶועלְכֶע הָאבֶּען אִין מֵיין נָאמֶען פַאלְשׁ נְבִיאוֹת גֶעזָאגְט, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, אִיךְ הָאבּ גֶעחָלוֹמ׳ת: 26 בִּיז וִויא לַאנְג? זָאל עֶס דֶען זַיין אִין דִיא הֶערְצֶער פוּן דִיא נְבִיאִים וָואס זָאגֶען פַאלְשׁ נְבִיאוֹת, (דָאס זֵייא זָאלֶען אוֹיסְזֶעהֶען) וִויא נְבִיאִים פוּן בֶּעטְרָאג פוּן זֵייעֶר אֵייגֶענֶעם הַארְץ? 27 וָואס טְרַאכְטֶען מֵיין פָאלְק פֶערְגֶעסֶען צוּ מַאכֶען מֵיין נָאמֶען דוּרְךְ זֵייעֶרע חֲלוֹמוֹת, וָואס דֶערְצֶעהְלֶען אֵיינֶער צוּ דֶעם אַנְדֶערְן, אַזוֹי וִויא זֵייעֶרע עֶלְטֶערְן הָאבֶּען פֶערְגֶעסֶען מֵיין נָאמֶען דוּרְךְ דֶעם בַּעַל: 28 דֶער נָבִיא וָואס אִיז בֵּייא אִיהְם אַ חָלוֹם, לָאז עֶר דֶערְצֶעהְלֶען דֶעם חָלוֹם, אוּנְד בֵּייא וֶועלְכֶען מֵיין וָוארְט אִיז, דֶער זָאל מֵיין אֶמֶת׳ן וָוארְט דֶערְצֶעהְלֶען, וָואס הָאט זִיךְ שְׁטְרוֹי מִיט קָארְן צוּ מִישֶׁען? זָאגְט דֶער הַאר: 29 אִיז דֶען נִיט מֵיין וָוארְט אַזוֹי וִויא פֵייעֶר? זָאגְט דֶער הַאר, אוּנְד אַזוֹי וִויא דֶער הַאמֶער וָואס צוּבְּרֶעקֶעלְט דִיא פֶעלְזֶען: 30 דָארוּם זֶעה, אִיךְ בִּין קֶעגֶען דִיא נְבִיאִים, זָאגְט דֶער הַאר, וָואס גַנְבֶ׳נֶען מֵיינֶע וֶוערְטֶער אֵיינֶער פוּן דֶעם אַנְדֶערְן: 31 זֶעה, אִיךְ בִּין קֶעגֶען דִיא נְבִיאִים, זָאגְט דֶער הַאר, וָואס בְּרוֹיכֶען זֵייעֶרע צוּנְג, אוּנְד זֵייא רֶעדֶען (גָאטֶעס) וָוארְט: 32 זֶעה, אִיךְ בִּין קֶעגֶען דִיא וָואס זָאגֶען נְבִיאוֹת פַאלְשֶׁע חֲלוֹמוֹת, זָאגְט דֶער הַאר, אוּנְד זֵייא דֶערְצֶעהְלֶען זֵייא, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען פֶערְאִירְט מֵיין פָאלְק דוּרְךְ זֵייעֶרע לִיגֶען אוּנְד דוּרְךְ זֵייעֶרע לֵייכְטזִינִיגְקֵייט, חָאטְשֶׁע אִיךְ הָאבּ זֵייא נִיט גֶעשִׁיקְט, אוּנְד אִיךְ הָאבּ זֵייא נִיט גֶעבָּאטֶען, אוּנְד זֵייא קֶענֶען דֶעם דָאזִיגֶען פָאלְק גָארְנִיט הֶעלְפֶען, זָאגְט דֶער הַאר: 33 אָבֶּער וֶוען דָאס דָאזִיגֶע פָאלְק וֶועט דִיךְ פְרֶעגֶען, אָדֶער דֶער נָבִיא אָדֶער אַ כֹּהֵן, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, וָואס אִיז דִיא לַאסְט (נְבִיאוֹת) פוּן דֶעם הַאר? אַזוֹי זָאלְסְט דוּא צוּ זֵייא זָאגֶען, דָאס אִיז דִיא לַאסְט אִיךְ וֶועל אֵייךְ פֶערְשְׁטוֹיסֶען, זָאגְט דֶער הַאר: 34 אוּנְד דֶער נָבִיא אוּנְד דֶער כֹּהֵן, אָדֶער דָאס פָאלְק, וָואס זֵייא זָאגֶען, לַאסְט פוּן דֶעם

האר

האר! אזוי וועל איך יענעם מאן בעשטראפען אונד זיין הויזגעזינד: 35 אזוי זאלט איהר זאגען איינער צום אנדערן, אונד איטליכער צו זיין ברודער, וואס האט דער האר געענטפערט, אונד וואס האט דער האר גערעט? 36 אבער דיא לאסט פון דעם האר, זאלט איהר ניט מעהר דערמאנען, וואריין דיא לאסט וועט זיין צו א מענש פאר זיין אייגענעם ווארט, ווארין איהר האט פערקעהרט דיא ווערטער פון דעם לעבעדיגען גאט, פון דעם האר צבאות אונזער גאט: 37 אזוי זאלסט דוא זאגען צו דעם נביא, וואס האט דיר דער האר געענטפערט, אונד וואס האט דער האר גערעט? 38 אבער ווען איהר וועט נאך פון דער לאסט פון דעם האר רעדען, דארום אזוי זאגט דער האר, ווייל איהר זאגט דאס דאזיגע ווארט, לאסט פון דעם האר! אונד איך האב (דאך) צו אייך געשיקט, אזוי צו זאגען, דאס איהר זאלט ניט זאגען לאסט פון דעם האר: 39 דארום זעה, איך וועל אייך אים גאנצען אוועקטראגען, אונד איך וועל אייך פערשטויסען, אונד דיא שטאט וואס איך האב געגעבען צו אייערע עלטערן, פון מיין פנים: 40 אונד איך וועל געבען אויף אייך איינע עביגע שאנד, אונד איינע עביגע שמאך, וואס וועט ניט פערגעסען ווערען:

יְהוָה וּפָקַדְתִּי עַל־הָאִישׁ הַהוּא וְעַל־בֵּיתוֹ: כֹּה תֹאמְרוּ לה
אִישׁ עַל־רֵעֵהוּ וְאִישׁ אֶל־אָחִיו מֶה־עָנָה יְהוָה וּמַה־דִּבֶּר
יְהוָה: וּמַשָּׂא יְהוָה לֹא תִזְכְּרוּ־עוֹד כִּי הַמַּשָּׂא יִהְיֶה לְאִישׁ 36
דְּבָרוֹ וַהֲפַכְתֶּם אֶת־דִּבְרֵי אֱלֹהִים חַיִּים יְהוָה צְבָאוֹת
אֱלֹהֵינוּ: כֹּה תֹאמַר אֶל־הַנָּבִיא מֶה־עָנָךְ יְהוָה וּמַה־דִּבֶּר 37
יְהוָה: וְאִם־מַשָּׂא יְהוָה תֹּאמֵרוּ לָכֵן כֹּה אָמַר יְהוָה יַעַן 38
אֲמָרְכֶם אֶת־הַדָּבָר הַזֶּה מַשָּׂא יְהוָה וָאֶשְׁלַח אֲלֵיכֶם
לֵאמֹר לֹא תֹאמְרוּ מַשָּׂא יְהוָה: לָכֵן הִנְנִי וְנָשִׁיתִי אֶתְכֶם 39
נָשֹׁא וְנָטַשְׁתִּי אֶתְכֶם וְאֶת־הָעִיר אֲשֶׁר נָתַתִּי לָכֶם
וְלַאֲבוֹתֵיכֶם מֵעַל פָּנָי: וְנָתַתִּי עֲלֵיכֶם חֶרְפַּת עוֹלָם וּכְלִמּוּת מ
עוֹלָם אֲשֶׁר לֹא תִשָּׁכֵחַ:

כד

הִרְאַנִי יְהוָה וְהִנֵּה שְׁנֵי דּוּדָאֵי תְאֵנִים מוּעָדִים לִפְנֵי הֵיכַל א
יְהוָה אַחֲרֵי הַגְלוֹת נְבוּכַדְרֶאצַּר מֶלֶךְ־בָּבֶל אֶת־יְכָנְיָהוּ
בֶן־יְהוֹיָקִים מֶלֶךְ יְהוּדָה וְאֶת־שָׂרֵי יְהוּדָה וְאֶת־הֶחָרָשׁ
וְאֶת־הַמַּסְגֵּר מִירוּשָׁלַםִ וַיְבִאֵם בָּבֶל: הַדּוּד אֶחָד תְּאֵנִים 2
טֹבוֹת מְאֹד כִּתְאֵנֵי הַבַּכֻּרוֹת וְהַדּוּד אֶחָד תְּאֵנִים רָעוֹת
מְאֹד אֲשֶׁר לֹא־תֵאָכַלְנָה מֵרֹעַ: וַיֹּאמֶר יְהוָה אֵלַי 3
מָה־אַתָּה רֹאֶה יִרְמְיָהוּ וָאֹמַר תְּאֵנִים הַתְּאֵנִים הַטֹּבוֹת
טֹבוֹת מְאֹד וְהָרָעוֹת רָעוֹת מְאֹד אֲשֶׁר לֹא־תֵאָכַלְנָה
מֵרֹעַ: וַיְהִי דְבַר־יְהוָה אֵלַי לֵאמֹר: כֹּה־אָמַר 4 ה
יְהוָה אֱלֹהֵי יִשְׂרָאֵל כַּתְּאֵנִים הַטֹּבוֹת הָאֵלֶּה כֵּן אַכִּיר אֶת־
גָּלוּת יְהוּדָה אֲשֶׁר שִׁלַּחְתִּי מִן־הַמָּקוֹם הַזֶּה אֶרֶץ כַּשְׂדִּים
לְטוֹבָה: וְשַׂמְתִּי עֵינִי עֲלֵיהֶם לְטוֹבָה וַהֲשִׁבֹתִים עַל־ 6
הָאָרֶץ הַזֹּאת וּבְנִיתִים וְלֹא אֶהֱרֹס וּנְטַעְתִּים וְלֹא אֶתּוֹשׁ:
וְנָתַתִּי לָהֶם לֵב לָדַעַת אֹתִי כִּי אֲנִי יְהוָה וְהָיוּ־לִי לְעָם 7
וְאָנֹכִי אֶהְיֶה לָהֶם לֵאלֹהִים כִּי־יָשֻׁבוּ אֵלַי בְּכָל־לִבָּם:
וְכַתְּאֵנִים הָרָעוֹת אֲשֶׁר לֹא־תֵאָכַלְנָה מֵרֹעַ כִּי־ 8

## קאפיטעל כד

1 דער האר האט מיר געוויזען, אונד זעה, צוויא קערב מיט פייגען זענען געשטעלט פאר דעם טעמפעל (בית המקדש) פון דעם האר, נאכדעם דאס נבוכדראצר, קעניג פון בבל, האט פערטריבען יכניהו, זוהן פון יהויקים, קעניג פון יהודה, אונד דיא פירשטען פון יהודה, אונד דיא מייסטערס אונד דיא שלאסערס פון ירושלים, אונד האט זייא געבראכט קיין בבל: 2 איין קארב איז געוועזען מיט גוטע פייגען, אזוי וויא דיא פריה־צייטיגע פייגען, אונד דער אנדערער קארב איז געוועזען מיט זעהר שלעכטע פייגען, וואס קענען ניט געגעסען ווערען פאר שלעכטיגקייט: 3 אונד דער האר האט צו מיר געזאגט, וואס זעהסט דוא ירמיהו? אונד איך האב געזאגט, פייגען, דיא גוטע פייגען זענען זעהר גוט, אונד דיא שלעכטע זענען זעהר שלעכט, וואס קענען ניט געגעסען ווערען פאר שלעכטיגקייט: 4 אונד דאס ווארט פון דעם האר איז צו מיר געוועזען אזוי צו זאגען: 5 אזוי זאגט דער האר, דער גאט פון ישראל, אזוי וויא דיא דאזיגע גוטע פייגען, אזוי וועל איך דערקענען דיא פערטריבענע פון יהודה, וועלכע איך האב אוועקגעשיקט פון דעם דאזיגען ארט אין דעם לאנד פון דיא כשדים, צו זייער גוטען: 6 אונד איך וועל איבער זייא טהון מיין אויג צו דעם גוטען, אונד איך וועל זייא צוריקקעהרען צו דעם דאזיגען לאנד, אונד איך וועל זייא אויפבויען, אונד איך וועל זייא ניט אפברעכען, אונד איך וועל זייא פלאנצען, אונד איך וועל זייא ניט אויסרייסען: 7 אונד איך וועל צו זייא געבען א הארץ, דאס זייא וועלען מיך דערקענען דאס איך בין דער האר, אונד זייא וועלען זיין מיין פאלק, אונד איך וועל זיין זייער גאט, ווען זייא וועלען זיך צו מיר בעקעהרען מיט דעם גאנצען הארץ: 8 אבער וויא דיא שלעכטע פייגען, וואס קענען ניט געגעסען ווערען שלעכטיגקייט—אזוי

כֹּה ׀ אָמַר יְהוָה כֵּן אֶתֵּן אֶת־צִדְקִיָּהוּ מֶלֶךְ־יְהוּדָה וְאֶת־
שָׂרָיו וְאֵת ׀ שְׁאֵרִית יְרוּשָׁלִַם הַנִּשְׁאָרִים בָּאָרֶץ הַזֹּאת
9 וְהַיֹּשְׁבִים בְּאֶרֶץ מִצְרָיִם׃ וּנְתַתִּים לְזַוֲעָה לְרָעָה לְכֹל
מַמְלְכוֹת הָאָרֶץ לְחֶרְפָּה וּלְמָשָׁל לִשְׁנִינָה וְלִקְלָלָה בְּכָל־
י הַמְּקֹמוֹת אֲשֶׁר־אַדִּיחֵם שָׁם׃ וְשִׁלַּחְתִּי בָם אֶת־הַחֶרֶב
אֶת־הָרָעָב וְאֶת־הַדָּבֶר עַד־תֻּמָּם מֵעַל הָאֲדָמָה אֲשֶׁר־נָתַתִּי
לָהֶם וְלַאֲבוֹתֵיהֶם׃

## כה

כה

א הַדָּבָר אֲשֶׁר־הָיָה עַל־יִרְמְיָהוּ עַל־כָּל־עַם יְהוּדָה בַּשָּׁנָה
הָרְבִעִית לִיהוֹיָקִים בֶּן־יֹאשִׁיָּהוּ מֶלֶךְ יְהוּדָה הִיא הַשָּׁנָה
2 הָרִאשֹׁנִית לִנְבוּכַדְרֶאצַּר מֶלֶךְ בָּבֶל׃ אֲשֶׁר דִּבֶּר יִרְמְיָהוּ
הַנָּבִיא עַל־כָּל־עַם יְהוּדָה וְאֶל כָּל־יֹשְׁבֵי יְרוּשָׁלִַם לֵאמֹר׃
3 מִן־שְׁלֹשׁ עֶשְׂרֵה שָׁנָה לְיֹאשִׁיָּהוּ בֶן־אָמוֹן מֶלֶךְ יְהוּדָה
וְעַד ׀ הַיּוֹם הַזֶּה זֶה שָׁלֹשׁ וְעֶשְׂרִים שָׁנָה הָיָה דְבַר־יְהוָה
4 אֵלָי וָאֲדַבֵּר אֲלֵיכֶם אַשְׁכֵּים וְדַבֵּר וְלֹא שְׁמַעְתֶּם׃ וְשָׁלַח
יְהוָה אֲלֵיכֶם אֶת־כָּל־עֲבָדָיו הַנְּבִאִים הַשְׁכֵּם וְשָׁלֹחַ וְלֹא
ה שְׁמַעְתֶּם וְלֹא־הִטִּיתֶם אֶת־אָזְנְכֶם לִשְׁמֹעַ׃ לֵאמֹר שׁוּבוּ־
נָא אִישׁ מִדַּרְכּוֹ הָרָעָה וּמֵרֹעַ מַעַלְלֵיכֶם וּשְׁבוּ עַל־
הָאֲדָמָה אֲשֶׁר נָתַן יְהוָה לָכֶם וְלַאֲבוֹתֵיכֶם לְמִן־עוֹלָם
6 וְעַד־עוֹלָם׃ וְאַל־תֵּלְכוּ אַחֲרֵי אֱלֹהִים אֲחֵרִים לְעָבְדָם
וּלְהִשְׁתַּחֲוֺת לָהֶם וְלֹא־תַכְעִיסוּ אוֹתִי בְּמַעֲשֵׂה יְדֵיכֶם וְלֹא
7 אָרַע לָכֶם׃ וְלֹא־שְׁמַעְתֶּם אֵלַי נְאֻם־יְהוָה לְמַעַן הַכְעִסוּנִי
8 בְּמַעֲשֵׂה יְדֵיכֶם לְרַע לָכֶם׃ לָכֵן כֹּה אָמַר יְהוָה צְבָאוֹת
9 יַעַן אֲשֶׁר לֹא־שְׁמַעְתֶּם אֶת־דְּבָרָי׃ הִנְנִי שֹׁלֵחַ וְלָקַחְתִּי
אֶת־כָּל־מִשְׁפְּחוֹת צָפוֹן נְאֻם־יְהוָה וְאֶל־נְבוּכַדְרֶאצַּר מֶלֶךְ־
בָּבֶל עַבְדִּי וַהֲבִאֹתִים עַל־הָאָרֶץ הַזֹּאת וְעַל־יֹשְׁבֶיהָ וְעַל
כָּל־הַגּוֹיִם הָאֵלֶּה סָבִיב וְהַחֲרַמְתִּים וְשַׂמְתִּים לְשַׁמָּה

זָאגְט דֶער הַאר, אַזוֹי וֶועל אִיךְ מַאכֶען צִדְקִיָהוּ, דֶעם קֶענִיג פוּן יְהוּדָה, אוּנְד זַיינֶע פִירְשְׁטֶען אוּנְד דִיא אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּענֶע פוּן יְרוּשָׁלַיִם, וָואס זֶענֶען אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּען אִין דֶעם דָאזִיגֶען לַאנְד, אוּנְד דִיא וָואס וְואוֹינֶען אִין דֶעם לַאנְד מִצְרַיִם: 9 אוּנְד אִיךְ וֶועל זֵייא אִיבֶּערְגֶעבֶּען צוּ אַ צִיטֶערְנִיס, צוּ אַ שְׁלֶעכְטִיגְקֵייט צוּ אַלֶע קֶענִיגְרֵייכֶע פוּן דֶער עֶרְד, צוּ אַ שַׁאנְד אוּנְד צוּ אַ שְׁפְּרִיכְ־וָוארְט (מָשָׁל), צוּ שִׁימְף אוּנְד צוּ פְלוּךְ, אִין אַלֶע עֶרְטֶער וְואוּ אַהִין אִיךְ וֶועל זֵייא פֶערְשְׁטוֹיסֶען: 10 אוּנְד אִיךְ וֶועל אוֹיף זֵייא אָנְשִׁיקֶען דָאס שְׁוֶוערְד, דֶעם הוּנְגֶער אוּנְד דִיא פֶּעסְט, בִּיז זֵייא וֶועלֶען פֶערְטִילְגְט וֶוערֶען פוּן דֶעם לַאנְד, וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעגֶעבֶּען צוּ זֵייא, אוּנְד צוּ זֵיירֶע עֶלְטֶערְן:

## קאפיטעל כה

1 דָאס אִיז דָאס וָוארְט, וָואס אִיז גֶעוֶועזֶען צוּ יִרְמְיָהוּ אִיבֶּער דֶעם גַאנְצֶען פָאלְק פוּן יְהוּדָה, אִין דֶעם פִירְטֶען יָאהְר פוּן יְהוֹיָקִים זוּהְן פוּן יֹאשִׁיָהוּ קֶענִיג פוּן יְהוּדָה, דָאס אִיז גֶעוֶועזֶען דָאס עֶרְשְׁטֶע יָאהְר פוּן נְבוּכַדְרֶאצַר, קֶענִיג פוּן בָּבֶל: 2 וָואס יִרְמְיָהוּ הַנָּבִיא הָאט גֶערֶעט צוּ דֶעם גַאנְצֶען פָאלְק פוּן יְהוּדָה, אוּנְד צוּ אַלֶע אֵיינְוְואוֹינֶער פוּן יְרוּשָׁלַיִם, אַזוֹי צוּ זָאגֶען: 3 פוּן דֶעם דְרֵייצֶעהְנְטֶען יָאהְר פוּן יֹאשִׁיָהוּ, זוּהְן פוּן אָמוֹן, קֶענִיג פוּן יְהוּדָה, אוּנְד בִּיז אוֹיף דֶעם דָאזִיגֶען טָאג, שׁוֹין דְרֵייא אוּנְד צְוַואנְצִיג יָאהְר, אִיז גֶעוֶועזֶען דָאס וָוארְט פוּן דֶעם הַאר צוּ מִיר, אוּנְד אִיךְ הָאבּ צוּ אֵייךְ גֶערֶעט, יֶעדֶען פְרִיה־מָארְגֶען הָאבּ אִיךְ גֶערֶעט, אָבֶּער אִיהְר הָאט נִיט גֶעהֶערְט: 4 אוּנְד דֶער הַאר הָאט צוּ אֵייךְ גֶעשִׁיקְט אַלֶע זַיינֶע קְנֶעכְט, דִיא נְבִיאִים, אוּנְד עֶר הָאט יֶעדֶען פְרִיה־מָארְגֶען גֶעשִׁיקְט, אָבֶּער אִיהְר הָאט נִיט גֶעהֶערְט, אוּנְד אִיהְר הָאט אוֹיךְ נִיט גֶענֵייגְט אֵיירֶע אוֹירֶען כְּדֵי צוּ הֶערֶען: 5 אַזוֹי צוּ זָאגֶען, קֶעהְרְט דָאךְ צוּרִיק, אִיטְלִיכֶער מֶענְשׁ פוּן זַיין שְׁלֶעכְטֶען וֶועג, אוּנְד פוּן דִיא שְׁלֶעכְטִיגְקֵייט פוּן אֵיירֶע וֶוערְק, אַזוֹי וֶועט אִיהְר וְואוֹינֶען בְּלֵייבֶּען אוֹיף דֶעם לַאנְד, וָואס דֶער הַאר הָאט גֶעגֶעבֶּען צוּ אֵייךְ אוּנְד צוּ אֵיירֶע עֶלְטֶערְן, פוּן עֶבִּיג בִּיז עֶבִּיג: 6 אוּנְד אִיהְר זָאלְט נִיט נָאכְגֶעהְן אַנְדֶערֶע גֶעטֶער זֵייא צוּ דִינֶען, אוּנְד אֵייךְ צוּ זֵייא צוּ בִּיקֶען, אוּנְד אִיהְר זָאלְט מִיךְ נִיט דֶערְצֶערְנֶען דוּרְךְ דִיא וֶוערְק פוּן אֵיירֶע הֶענְד, אַזוֹי וֶועל אִיךְ אֵייךְ קֵיין שְׁלֶעכְטֶעס טְהוּן: 7 אָבֶּער אִיהְר הָאט מִיךְ נִיט צוּגֶעהֶערְט, זָאגְט דֶער הַאר, כְּדֵי מִיךְ צוּ דֶערְצֶערְנֶען דוּרְךְ דִיא וֶוערְק פוּן אֵיירֶע הֶענְד, צוּ אֵייעֶרֶען אֵייגֶענֶעם שָׁאדֶען: 8 דָארוּם אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר צְבָאוֹת, וֵוייל אִיהְר הָאט נִיט גֶעהֶערְט מֵיינֶע וֶוערְטֶער: 9 זֶעה, אַזוֹי שִׁיק אִיךְ אוּנְד אִיךְ וֶועל נֶעמֶען אַלֶע מִשְׁפָּחוֹת פוּן צָפוֹן־זֵייט, זָאגְט דֶער הַאר, אוּנְד אוֹיךְ נְבוּכַדְרֶאצַר, קֶענִיג פוּן בָּבֶל, מֵיין קְנֶעכְט, אוּנְד אִיךְ וֶועל זֵייא בְּרֶענְגֶען קֶעגֶען דֶעם דָאזִיגֶען לַאנְד, אוּנְד אוֹיף אִיהְרֶע אֵיינְוְואוֹינֶער, אוּנְד אוֹיף אַלֶע דִיא דָאזִיגֶע פֶעלְקֶער פוּן אַרוּם, אוּנְד אִיךְ וֶועל זֵייא פֶערְוִויסְטֶען

אונד

ולשרקה ולחרבות עולם: והאבדתי מהם קול ששון
וקול שמחה קול חתן וקול כלה קול רחים ואור נר:
11 והיתה כל־הארץ הזאת לחרבה לשמה ועבדו הגוים
12 האלה את־מלך בבל שבעים שנה: והיה כמלאות
שבעים שנה אפקד על־מלך־בבל ועל־הגוי ההוא נאם־
יהוה את־עונם ועל־ארץ כשדים ושמתי אתו לשממות
13 עולם: והבאותי על־הארץ ההיא את־כל־דברי אשר־
דברתי עליה את כל־הכתוב בספר הזה אשר־נבא
14 ירמיהו על־כל־הגוים: כי עבדו־בם גם־המה גוים רבים
ומלכים גדולים ושלמתי להם כפעלם וכמעשה ידיהם:
טו כי כה אמר יהוה אלהי ישראל אלי קח את־
כוס היין החמה הזאת מידי והשקיתה אתו את־כל־
16 הגוים אשר אנכי שלח אותך אליהם: ושתו והתגעשו
17 והתהללו מפני החרב אשר אנכי שלח בינתם: ואקח
את־הכוס מיד יהוה ואשקה את־כל־הגוים אשר־שלחני
18 יהוה אליהם: את־ירושלם ואת־ערי יהודה ואת־מלכיה
את־שריה לתת אתם לחרבה לשמה לשרקה ולקללה
19 כיום הזה: את־פרעה מלך־מצרים ואת־עבדיו ואת־
כ שריו ואת־כל־עמו: ואת כל־הערב ואת כל־מלכי ארץ
העוץ ואת כל־מלכי ארץ פלשתים ואת־אשקלון ואת־
21 עזה ואת־עקרון ואת שארית אשדוד: את־אדום ואת־
22 מואב ואת־בני עמון: ואת כל־מלכי צר ואת כל־מלכי
23 צידון ואת מלכי האי אשר בעבר הים: את־דדן ואת־
24 תימא ואת־בוז ואת כל־קצוצי פאה: ואת כל־מלכי
כה ערב ואת כל־מלכי הערב השכנים במדבר: ואת | כל־
מלכי זמרי ואת כל־מלכי עילם ואת כל־מלכי מדי:
26 ואת | כל־מלכי הצפון הקרובים והרחקים איש אל־

אונד איך וועל זייא מאכען צו דעם ערשטוינען אונד צו דעם געשפעט אונד צו איינע עביגע וויסטעניס: 10 אונד איך וועל פון זייא מאכען פערלירען, דאס קול פון פרייד אונד דאס קול פון פרעליכקייט, דאס קול פון דעם חתן, אונד דאס קול פון דער כלה, דאס קול פון א מיהל, אונד דיא ליכטיגקייט פון א לאמפ: 11 אונד דאס דאזיגע גאנצע לאנד וועט זיין צו צושטערונג אונד צו ערשטוינונג (אדער פערוויסטונג), אונד דיא דאזיגע פעלקער וועלען דינען דעם קעניג פון בבל זיבעציג יאהר: 12 אונד עס וועט זיין, אז עס וועט פול ווערען זיבעציג יאהר, אזוי וועל איך בעשטרא־פען דעם קעניג פון בבל אונד יענעם פאלק, זאגט דער האר, וועגען זייערע שולד, אונד אויך דאס לאנד כשדים; אונד איך וועל איהם מאכען צו איינע עביגע וויסטעניס: 13 אונד איך וועל ברענגען אויף יענעם לאנד אלע מיינע ווערטער, וואס איך האב אויף איהר
גערעט, אלעס וואס איז געשריבען אין דעם דאזיגען בוך, וואס ירמיהו האט נביאות געזאגט איבער אלע פעלקער: 14 וואריך אויך מיט זייא וועלען דינען פיל פעלקער, אונד גרויסע קעניגע, אונד אזוי וועל איך זייא בעצאלען נאך זייערע ווערק אונד נאך דעם טהון פון זייערע הענד: 15 וואריך אזוי האט דער האר, דער גאט פון ישראל, צו מיר געזאגט, נעם דעם דאזיגען בעכער וויין פון דעם גרימצארן פון מיינע האנד, אונד מאך טרינקען פון איהר אלע פעלקער וואס איך שיק דיך צווישען זייא:
16 אונד זייא וועלען טרינקען, אונד וועלען טומעלן אונד אונזיניג זיין, וועגען דעם שווערד וואס איך שיק צווישען זייא: 17 אונד איך האב גענומען דעם בעכער פון דיא האנד פון דעם האר, אונד איך האב געמאכט טרינקען אלע פעלקער, וואס דער האר האט מיך צו זייא געשיקט: 18 ירושלים, אונד דיא שטעט פון יהודה, אונד איהרע קעניגע אונד איהרע פירשטען, זייא צו געבען צו צושטערונג, צו פער־וויסטונג (ערשטוינען) צו דעם געשפאט (צישען), אונד צו א פלוך, אזוי וויא דער דאזיגער טאג: 19 פרעה קעניג פון מצרים, אונד זיינע קנעכט אונד זיינע פירש־טען אונד זיין גאנצעס פאלק: 20 אונד דאס גאנצע געמישטע (פאלק) אונד אלע קעניגע פון דעם לאנד עוץ, אונד אלע קעניגע פון דעם לאנד פלשתים, אונד אשקלון אונד עזה אונד עקרון, אונד דאס איבערגעבליבענע פון אשדוד: 21 אונד אדום אונד מואב אונד דיא קינדער פון עמון: 22 אונד אלע קעניגע פון צור, אונד אלע קעניגע פון צידון; אונד אלע קעניגע פון דיא אינזעלן, וועלכע זענען אן יענער זייט פון דעם ים: 23 דדן אונד תימא אונד בוז, אונד אלע דיא מיט דיא אפגעשניטענע האארעקען (פאות): 24 אונד אלע קעניגע פון אראביען, אונד אלע קעניגע פון דעם געמישטען (פאלק), דיא וואס וואוינען אין דער מדבר:
25 אונד אלע קעניגע פון זמרי, אונד אלע קעניגע פון עילם אונד אלע קעניגע פון מדי: 26 אונד אלע קעניגע פון צפון־זייט דיא נאהענטע אונד דיא וויטע, איינער צו

אֶחָיו וְאֵת כָּל־הַמַּמְלְכוֹת הָאָרֶץ אֲשֶׁר עַל־פְּנֵי הָאֲדָמָה
27 וּמֶלֶךְ שֵׁשַׁךְ יִשְׁתֶּה אַחֲרֵיהֶם׃ וְאָמַרְתָּ אֲלֵיהֶם כֹּה־אָמַר
יְהוָה צְבָאוֹת אֱלֹהֵי יִשְׂרָאֵל שְׁתוּ וְשִׁכְרוּ וּקְיוּ וְנִפְלוּ וְלֹא
28 תָקוּמוּ מִפְּנֵי הַחֶרֶב אֲשֶׁר אָנֹכִי שֹׁלֵחַ בֵּינֵיכֶם׃ וְהָיָה כִּי
יְמָאֲנוּ לָקַחַת־הַכּוֹס מִיָּדְךָ לִשְׁתּוֹת וְאָמַרְתָּ אֲלֵיהֶם כֹּה
29 אָמַר יְהוָה צְבָאוֹת שָׁתוֹ תִשְׁתּוּ׃ כִּי הִנֵּה בָעִיר אֲשֶׁר־
נִקְרָא שְׁמִי עָלֶיהָ אָנֹכִי מֵחֵל לְהָרַע וְאַתֶּם הִנָּקֵה תִנָּקוּ
לֹא תִנָּקוּ כִּי חֶרֶב אֲנִי קֹרֵא עַל־כָּל־יֹשְׁבֵי הָאָרֶץ נְאֻם
ל יְהוָה צְבָאוֹת׃ וְאַתָּה תִּנָּבֵא אֲלֵיהֶם אֵת כָּל־הַדְּבָרִים
הָאֵלֶּה וְאָמַרְתָּ אֲלֵיהֶם יְהוָה מִמָּרוֹם יִשְׁאָג וּמִמְּעוֹן קָדְשׁוֹ
יִתֵּן קוֹלוֹ שָׁאֹג יִשְׁאַג עַל־נָוֵהוּ הֵידָד כְּדֹרְכִים יַעֲנֶה אֶל
31 כָּל־יֹשְׁבֵי הָאָרֶץ׃ בָּא שָׁאוֹן עַד־קְצֵה הָאָרֶץ כִּי רִיב
לַיהוָה בַּגּוֹיִם נִשְׁפָּט הוּא לְכָל־בָּשָׂר הָרְשָׁעִים נְתָנָם לַחֶרֶב
32 נְאֻם־יְהוָה׃ כֹּה אָמַר יְהוָה צְבָאוֹת הִנֵּה רָעָה יֹצֵאת
33 מִגּוֹי אֶל־גּוֹי וְסַעַר גָּדוֹל יֵעוֹר מִיַּרְכְּתֵי־אָרֶץ׃ וְהָיוּ חַלְלֵי
יְהוָה בַּיּוֹם הַהוּא מִקְצֵה הָאָרֶץ וְעַד־קְצֵה הָאָרֶץ לֹא
יִסָּפְדוּ וְלֹא יֵאָסְפוּ וְלֹא יִקָּבֵרוּ לְדֹמֶן עַל־פְּנֵי הָאֲדָמָה יִהְיוּ׃
34 הֵילִילוּ הָרֹעִים וְזַעֲקוּ וְהִתְפַּלְּשׁוּ אַדִּירֵי הַצֹּאן כִּי־מָלְאוּ
לה יְמֵיכֶם לִטְבוֹחַ וּתְפוֹצוֹתִיכֶם וּנְפַלְתֶּם כִּכְלִי חֶמְדָּה׃ וְאָבַד
36 מָנוֹס מִן־הָרֹעִים וּפְלֵיטָה מֵאַדִּירֵי הַצֹּאן׃ קוֹל צַעֲקַת
הָרֹעִים וִילְלַת אַדִּירֵי הַצֹּאן כִּי־שֹׁדֵד יְהוָה אֶת־מַרְעִיתָם׃
37 38 וְנָדַמּוּ נְאוֹת הַשָּׁלוֹם מִפְּנֵי חֲרוֹן אַף־יְהוָה׃ עָזַב כַּכְּפִיר
סֻכּוֹ כִּי־הָיְתָה אַרְצָם לְשַׁמָּה מִפְּנֵי חֲרוֹן הַיּוֹנָה וּמִפְּנֵי
חֲרוֹן אַפּוֹ׃

## כו כו

א בְּרֵאשִׁית מַמְלְכוּת יְהוֹיָקִים בֶּן־יֹאשִׁיָּהוּ מֶלֶךְ יְהוּדָה הָיָה
2 הַדָּבָר הַזֶּה מֵאֵת יְהוָה לֵאמֹר׃ כֹּה ׀ אָמַר יְהוָה עֲמֹד

דֶעם אַנְדֶערְן, אוּנְד אַלֶע קֶענִיגְרֵייכֶע פוּן
דֶער עֶרְד װעלְכֶע זֶענֶען אוֹיף דֶער עֶרְד,
אוּנְד דֶער קֶענִיג פוּן שֵׁישַׁךְ (בָּבֶל) זָאל
טְרִינְקֶען נָאךְ זֵייא: 27 אוּנְד דוּא זָאלְסְט
צוּ זֵייא זָאגֶען, אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר
צְבָאוֹת, דֶער גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל, טְרִינְקְט
אוּנְד װֶערְט בֶּעטְרוּנְקֶען (שִׁכּוֹר) אוּנְד
דַאן װֶעט אִיהְר אוֹיסְשְׁפֵּייעֶן אוּנְד אִיהְר
װֶעט פַאלֶען אוּנְד אִיהְר װֶעט נִיט מֶעהְר
אוֹיפְשְׁטֶעהְן, פוּן װֶעגֶען דֶעם שְׁװֶערְד
װָאס אִיךְ שִׁיק צְװִישֶׁען אֵייךְ: 28 אוּנְד
עֶס װֶעט זֵיין, װֶען זֵייא װֶעלֶען נִיט װֶע־
לֶען אָנְנֶעמֶען דֶעם בֶּעכֶער פוּן דֵיינֶע
הַאנְד כְּדֵי צוּ טְרִינְקֶען, אַזוֹי זָאלְסְט דוּא
צוּ זֵייא זָאגֶען, אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר
צְבָאוֹת, אִיהְר װֶעט עֶס גֶעװִיס טְרִינְקֶען!
29 װָארִין זֶעה, אִין דֶער שְׁטָאט אוֹיף
װעלְכֶע מֵיין נָאמֶען אִיז גֶערוּפֶען, הֶעבּ
אִיךְ אָן שְׁלֶעכְטֶעס צוּ טְהוּן, אוּנְד זָאלְט
אִיהְר אוּנְבֶּעשְׁטְרָאפְט בְּלֵייבֶּען? אִיהְר
װֶעט נִיט אוּנְבֶּעשְׁטְרָאפְט בְּלֵייבֶּען, װָארִין
אִיךְ רוּף אַ שְׁװֶערְד אוֹיף אַלֶע אֵיינְ־
װאוֹינֶער פוּן דֶער עֶרְד, זָאגְט דֶער הַאר צְבָאוֹת: 30 אוּנְד דוּא זָאלְסְט צוּ זֵייא נְבִיאוֹת
זָאגֶען אַלֶע דִיא דָאזִיגֶע װֶערְטֶער, אוּנְד דוּא זָאלְסְט צוּ זֵייא זָאגֶען, דֶער הַאר בְּרִימְט
(שְׁרֵייט) פוּן דֶער הֵייךְ, אוּנְד פוּן זֵיינֶע הֵיילִיגֶע װְאוֹינוּנְג גִיבְּט עֶר זֵיין קוֹל, יָא עֶר
בְּרִימְט קֶעגֶען זֵיין װֵיידֶע־פְּלַאץ, הֵידָד! אַזוֹי װִיא דִיא טְרוֹיבֶּענְטְרֶעטֶער שְׁרֵייט עֶר צוּ
אַלֶע אֵיינְװְאוֹינֶער פוּן דֶעם לַאנְד: 31 עֶס קוּמְט אַ גֶעטִימֶעל בִּיז צוּם עֶנְד פוּן דֶער
עֶרְד, װָארִין עֶס אִיז אַ שְׁטְרֵייט (קְרִיג) פוּן דֶעם הַאר מִיט דִיא פֶעלְקֶער, עֶר מִשְׁפָּט
אַלֶעם פְלֵיישׁ, דִיא רְשָׁעִים גִיבְּט עֶר אִיבֶּער צוּ דֶעם שְׁװֶערְד, זָאגְט דֶער הַאר: 32 אַזוֹי
זָאגְט דֶער הַאר צְבָאוֹת, זֶעה, שְׁלֶעכְטֶעס גֶעהְט אַרוֹיס פוּן אֵיין פָאלְק צוּ דֶעם אַנְדֶערְן
פָאלְק, אוּנְד אַ גְרוֹיסֶער שְׁטוּרְמְװִינְד דַערְװֶעקְט זִיךְ פוּן דִיא עֶקֶען פוּן דֶער עֶרְד:
33 אוּנְד עֶס װֶעלֶען זֵיין דִיא דֶערְשְׁלָאגֶענֶע פוּן דֶעם הַאר אִין יֶענֶעם טָאג, פוּן אֵיין
עֶק פוּן דֶער עֶרְד בִּיז צוּ דֶעם אַנְדֶערְן עֶק פוּן דֶער עֶרְד, מֶען װֶעט זֵייא נִיט בֶּע־
קְלָאגֶען, אוּנְד זֵייא װֶעלֶען נִיט פֶערְזַאמֶעלְט װֶערֶען, אוּנְד זֵייא װֶעלֶען נִיט בֶּעגְרוּ־
בֶּען װֶערֶען, צוּ מִיסְט אוֹיף דֶער עֶרְד װֶעלֶען זֵייא זֵיין: 34 קְלָאגְט אִיהְר פַּאסְטוּכֶער
אוּנְד שְׁרֵייט, אוּנְד קֵייקֶעלְט אֵייךְ אִיהְר שְׁטַארְקֶע פוּן דִיא שָׁאף, װָארִין אֵיירֶע טֶעג
זֶענֶען דֶערְפִילְט גֶעװָארֶען צוּ דֶעם שֶׁעכְטֶען, אוּנְד אִיךְ װֶעל אֵייךְ פֶערְשְׁפְּרֵייטֶען,
אוּנְד אִיהְר װֶעט פַאלֶען װִיא אַ גְלוּסְטִיגֶע כְּלִי: 35 אוּנְד עֶס װֶעט פֶערְלוֹירֶען
װֶערֶען אֵיינֶע אַנְטְרִינוּנְג פוּן דִיא פַּאסְטוּכֶער אוּנְד אֵיינֶע אַנְטְרִינוּנְג פוּן דִיא שְׁטַארְקֶע
פוּן דִיא שָׁאף: 36 אַ קוֹל פוּן גֶעשְׁרֵייא פוּן דִיא פַּאסְטוּכֶער װֶערְט גֶעהֶערְט, אוּנְד
דָאס קְלָאגֶען פוּן דִיא שְׁטַארְקֶע פוּן דִיא שָׁאף, װָארִין דֶער הַאר צוּשְׁטֶערְט זֵייעֶרֶע
פִּיטֶערוּנְג (װֵיידֶע): 37 אוּנְד עֶס װֶעלֶען שְׁטִיל (אָדֶער װִיסְט) װֶערֶען דִיא װֵיידֶע־
פְּלֶעצֶער פוּן שָׁלוֹם, װֶעגֶען דֶעם גְרִימְצָארְן פוּן דֶעם הַאר: 38 עֶר הָאט פֶערְלָאזְט
װִיא אַ לֵייבּ זֵיין בֵּיידֶעל, װָארִין זֵייעֶר לַאנְד אִיז גֶעװָארֶען װִיסְט, װֶעגֶען דֶעם צָארְן
פוּן בֶּעצְװִינְגוּנְג, אוּנְד װֶעגֶען זֵיין גְרִימְצָארְן:

## קאפיטעל כו

1 אִים אָנְהֵייבּ פוּן דִיא רֶעגִירוּנְג פוּן יְהוֹיָקִים, זוּהְן פוּן יֹאשִׁיָהוּ, קֶענִיג פוּן יְהוּדָה, אִיז גֶע־
װֶעזֶען דָאס דָאזִיגֶע װָארְט פוּן דֶעם הַאר, אַזוֹי צוּ זָאגֶען: 2 אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר, שְׁטֶעל דִיךְ

מִן־הָאזִקִּים אֲשֶׁר עַל־יָדֶךָ אִם־טוֹב בְּעֵינֶיךָ לָבוֹא אִתִּי
בָבֶל בֹּא וְאָשִׂים אֶת־עֵינִי עָלֶיךָ וְאִם־רַע בְּעֵינֶיךָ לָבוֹא־
אִתִּי בָבֶל חֲדָל רְאֵה כָּל־הָאָרֶץ לְפָנֶיךָ אֶל־טוֹב וְאֶל־
ה הַיָּשָׁר בְּעֵינֶיךָ לָלֶכֶת שָׁמָּה לֵךְ׃ וְעוֹדֶנּוּ לֹא־יָשׁוּב וְשֻׁבָה
אֶל־גְּדַלְיָה בֶן־אֲחִיקָם בֶּן־שָׁפָן אֲשֶׁר הִפְקִיד מֶלֶךְ־בָּבֶל
בְּעָרֵי יְהוּדָה וְשֵׁב אִתּוֹ בְּתוֹךְ הָעָם אוֹ אֶל־כָּל־הַיָּשָׁר
בְּעֵינֶיךָ לָלֶכֶת לֵךְ וַיִּתֶּן־לוֹ רַב־טַבָּחִים אֲרֻחָה וּמַשְׂאֵת
6 וַיְשַׁלְּחֵהוּ׃ וַיָּבֹא יִרְמְיָהוּ אֶל־גְּדַלְיָה בֶן־אֲחִיקָם הַמִּצְפָּתָה
7 וַיֵּשֶׁב אִתּוֹ בְּתוֹךְ הָעָם הַנִּשְׁאָרִים בָּאָרֶץ׃ וַיִּשְׁמְעוּ
כָל־שָׂרֵי הַחֲיָלִים אֲשֶׁר בַּשָּׂדֶה הֵמָּה וְאַנְשֵׁיהֶם כִּי־הִפְקִיד
מֶלֶךְ־בָּבֶל אֶת־גְּדַלְיָהוּ בֶן־אֲחִיקָם בָּאָרֶץ וְכִי הִפְקִיד
אִתּוֹ אֲנָשִׁים וְנָשִׁים וָטָף וּמִדַּלַּת הָאָרֶץ מֵאֲשֶׁר לֹא־הָגְלוּ
8 בָּבֶלָה׃ וַיָּבֹאוּ אֶל־גְּדַלְיָה הַמִּצְפָּתָה וְיִשְׁמָעֵאל בֶּן־נְתַנְיָהוּ
וְיוֹחָנָן וְיוֹנָתָן בְּנֵי־קָרֵחַ וּשְׂרָיָה בֶן־תַּנְחֻמֶת וּבְנֵי עוֹפַי
9 הַנְּטֹפָתִי וִיזַנְיָהוּ בֶּן־הַמַּעֲכָתִי הֵמָּה וְאַנְשֵׁיהֶם׃ וַיִּשָּׁבַע
לָהֶם גְּדַלְיָהוּ בֶן־אֲחִיקָם בֶּן־שָׁפָן וּלְאַנְשֵׁיהֶם לֵאמֹר אַל־
תִּירְאוּ מֵעֲבוֹד הַכַּשְׂדִּים שְׁבוּ בָאָרֶץ וְעִבְדוּ אֶת־מֶלֶךְ
10 בָּבֶל וְיִיטַב לָכֶם׃ וַאֲנִי הִנְנִי יֹשֵׁב בַּמִּצְפָּה לַעֲמֹד
לִפְנֵי הַכַּשְׂדִּים אֲשֶׁר יָבֹאוּ אֵלֵינוּ וְאַתֶּם אִסְפוּ יַיִן וְקַיִץ
11 וְשֶׁמֶן וְשִׂמוּ בִּכְלֵיכֶם וּשְׁבוּ בְּעָרֵיכֶם אֲשֶׁר־תְּפַשְׂתֶּם׃ וְגַם
כָּל־הַיְּהוּדִים אֲשֶׁר־בְּמוֹאָב וּבִבְנֵי־עַמּוֹן וּבֶאֱדוֹם וַאֲשֶׁר
בְּכָל־הָאֲרָצוֹת שָׁמְעוּ כִּי־נָתַן מֶלֶךְ־בָּבֶל שְׁאֵרִית לִיהוּדָה
וְכִי הִפְקִיד עֲלֵיהֶם אֶת־גְּדַלְיָהוּ בֶּן־אֲחִיקָם בֶּן־שָׁפָן׃
12 וַיָּשֻׁבוּ כָל־הַיְּהוּדִים מִכָּל־הַמְּקֹמוֹת אֲשֶׁר נִדְּחוּ־שָׁם וַיָּבֹאוּ
אֶרֶץ־יְהוּדָה אֶל־גְּדַלְיָהוּ הַמִּצְפָּתָה וַיַּאַסְפוּ יַיִן וָקַיִץ
13 הַרְבֵּה מְאֹד׃ וְיוֹחָנָן בֶּן־קָרֵחַ וְכָל־שָׂרֵי הַחֲיָלִים אֲשֶׁר
14 בַּשָּׂדֶה בָּאוּ אֶל־גְּדַלְיָהוּ הַמִּצְפָּתָה׃ וַיֹּאמְרוּ אֵלָיו הֲיָדֹעַ

קֶעטֶען, וָואס זֶענֶען אוֹיף דַיינֶע הֶענד, אוּנְד װֶען עֶס אִיז גוּט אִין דַיינֶע אוֹיגֶען מִיט מִיר צוּ קוּמֶען קֵיין בָּבֶל, אַזוֹי קוּם, אוּנְד אִיךְ װֶעל טְהוּן מַיין אוֹיג אוֹיף דִיר, אוּנְד װֶען עֶס אִיז שְׁלֶעכְט אִין דַיינֶע אוֹיגֶען מִיט מִיר צוּ קוּמֶען קֵיין בָּבֶל, אַזוֹי פֶערְמֵייד עֶס; זֶעה, דָאס גַאנְצֶע לַאנְד אִיז פָאר דִיר, װָאוּ עֶס אִיז גוּט אוּנְד רֶעכְטפֶּארְטִיג אִין דַיינֶע אוֹיגֶען צוּ גֶעהְן, דָארְטֶען גֶעה:
5 אוּנְד װֶען עֶר הָאט זִיךְ נָאךְ נִיט צוּרִיקְגֶעקֶעהְרְט, (הָאט עֶר גֶעזָאגְט), קֶעהְר דִיךְ צוּרִיק צוּ גְדַלְיָהוּ, זוּהְן פוּן אֲחִיקָם, זוּהְן פוּן שָׁפָן, וָואס דֶער קֶענִיג פוּן בָּבֶל הָאט אִיהְם אָנְגֶעשְׁטֶעלְט אִיבֶּער דִיא שְׁטֶעט פוּן יְהוּדָה, אוּנְד בְּלֵייב מִיט אִיהְם צְווִישֶׁען דֶעם פָּאלְק, אָדֶער װָאוּ עֶס אִיז רֶעכְטפֶּארְטִיג אִין דַיינֶע אוֹגֶען צוּ גֶעהְן, גֶעה; אוּנְד דֶער אוֹיבֶּערְשְׁטֶער פוּן דִיא לֵייבְּוַואךְ הָאט אִיהְם גֶעגֶעבֶּען שְׁפֵּייז אוּנְד אַ גֶעשַׁאנְק אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם אַװֶעקְגֶעשִׁיקְט:
6 אוּנְד יִרְמְיָהוּ אִיז גֶעקוּמֶען צוּ גְדַלְיָהוּ, זוּהְן פוּן אֲחִיקָם, קֵיין מִצְפָּה, אוּנְד עֶר הָאט מִיט אִיהְם גֶעוָואוֹינְט צְווִישֶׁען דֶעם פָּאלְק, וָואס זֶענֶען אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּען אִין דֶעם לַאנְד:
7 אוּנְד װֶען אַלֶע אוֹיבֶּערְשְׁטֶע פוּן דֶעם חַיִל וָואס זֶענֶען גֶעוֶועזֶען אִין דֶעם פֶעלְד, זֵייא אוּנְד זֵיירֶע לֵייט הָאבֶּען גֶעהֶערְט דָאס דֶער קֶענִיג פוּן בָּבֶל הָאט אָנְגֶעשְׁטֶעלְט גְדַלְיָהוּ, זוּהְן פוּן אֲחִיקָם, אִיבֶּער דֶעם לַאנְד, אוּנְד דָאס עֶר הָאט בַּייא אִיהְם אִיבֶּערְגֶעלָאזְט מֶענֶער אוּנְד װַייבֶּער אוּנְד קְלֵיינֶע קִינְדֶער, אוּנְד פוּן דִיא אָרֶעמֶע פוּן דֶעם לַאנְד, פוּן דִיא וָואס זֶענֶען נִיט פֶערְטְרִיבֶּען גֶעוָוארֶען קֵיין בָּבֶל:
8 אַזוֹי זֶענֶען זֵייא גֶעקוּמֶען צוּ גְדַלְיָהוּ קֵיין מִצְפָּה, אוּנְד יִשְׁמָעֵאל זוּהְן פוּן נְתַנְיָהוּ, אוּנְד יוֹחָנָן אוּנְד יוֹנָתָן, דִיא זִיהְן פוּן קָרֵחַ, אוּנְד שְׂרָיָה זוּהְן פוּן תַּנְחֻמֶת, אוּנְד דִיא זִיהְן פוּן עֵיפַי, דֶעם נְטוֹפָתִי, אוּנְד יְזַנְיָהוּ זוּהְן פוּן מַעֲכָתִי, זֵייא אוּנְד זֵיירֶע מֶענֶער:
9 אוּנְד גְדַלְיָהוּ זוּהְן פוּן אֲחִיקָם, הָאט צוּ זֵייא גֶעשְׁװוֹירֶען, אוּנְד צוּ זֵיירֶע מֶענֶער, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, אִיהְר זָאלְט נִיט מוֹרָא הָאבֶּען צוּ דִינֶען דִיא כַּשְׂדִּים, בְּלֵייבְּט אִין דֶעם לַאנְד אוּנְד דִינְט דֶעם קֶענִיג פוּן בָּבֶל, אַזוֹי װֶעט אֵייךְ גוּט זַיין:
10 אוּנְד אִיךְ, זֶעה, אִיךְ בְּלֵייב אִין מִצְפָּה, כְּדֵי צוּ שְׁטֶעהְן פָאר דִיא כַּשְׂדִּים, וָואס װֶעלֶען צוּ אוּנְס קוּמֶען, אָבֶּער אִיהְר, זַאמֶעלְט אֵיין דֶעם װַיין, אוּנְד דִיא זוּמֶער־פְרוּכְט, אוּנְד דָאס אֵייל, אוּנְד טְהוּט זֵייא אִין אֵיירֶע כֵּלִים, אוּנְד בְּלֵייבְּט אִין אֵיירֶע שְׁטֶעט וָואס אִיהְר הָאט אֵייִנְגֶענוּמֶען:
11 אוּנְד אוֹיךְ אַלֶע יְהוּדִים וָואס זֶענֶען גֶעוֶועזֶען אִין מוֹאָב, אוּנְד צְווִישֶׁען דִיא קִינְדֶער פוּן עַמּוֹן, אוּנְד אִין אֱדוֹם, אוּנְד דִיא וָואס זֶענֶען גֶעוֶועזֶען אִין אַלֶע לֶענְדֶער הָאבֶּען דֶערְהֶערְט, דָאס דֶער קֶענִיג פוּן בָּבֶל הָאט גֶעגֶעבֶּען אֵיין אִיבֶּערְבְּלֵייבּוּנְג צוּ יְהוּדָה, אוּנְד דָאס עֶר הָאט אִיבֶּער זֵייא אָנְגֶעשְׁטֶעלְט גְדַלְיָהוּ, זוּהְן פוּן אֲחִיקָם, זוּהְן פוּן שָׁפָן:
12 אַזוֹי הָאבֶּען זִיךְ אַלֶע יְהוּדִים צוּרִיקְגֶעקֶעהְרְט פוּן אַלֶע עֶרְטֶער וְוָאוּ אַהִין זֵייא זֶענֶען פֶערְשְׁטוֹיסֶען גֶעוָוארֶען, אוּנְד זֵייא זֶענֶען גֶעקוּמֶען צוּ דֶעם לַאנְד יְהוּדָה צוּ גְדַלְיָהוּ אִין מִצְפָּה, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אֵיינְגֶעזַאמֶעלְט װַיין אוּנְד זוּמֶער־פְרוּכְט זֶעהְר פִיל:
13 אוּנְד יוֹחָנָן, זוּהְן פוּן קָרֵחַ, אוּנְד אַלֶע דִיא אוֹיבֶּערְשְׁטֶע פוּן דֶעם חַיִל וָואס זֶענֶען גֶעוֶועזֶען אִין דֶעם פֶעלְד, זֶענֶען גֶעקוּמֶען צוּ גְדַלְיָהוּ קֵיין מִצְפָּה:
14 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, װֵייסְט דוּא דֶען דָאס

תֵּדַע כִּי בַּעֲלִים ׀ מֶלֶךְ בְּנֵי־עַמּוֹן שָׁלַח אֶת־יִשְׁמָעֵאל בֶּן־
נְתַנְיָה לְהַכֹּתְךָ נֶפֶשׁ וְלֹא־הֶאֱמִין לָהֶם גְּדַלְיָהוּ בֶּן־אֲחִיקָם׃
טו וְיוֹחָנָן בֶּן־קָרֵחַ אָמַר אֶל־גְּדַלְיָהוּ בַסֵּתֶר בַּמִּצְפָּה לֵאמֹר
אֵלְכָה נָּא וְאַכֶּה אֶת־יִשְׁמָעֵאל בֶּן־נְתַנְיָה וְאִישׁ לֹא יֵדָע
לָמָּה יַכֶּכָּה נֶּפֶשׁ וְנָפֹצוּ כָּל־יְהוּדָה הַנִּקְבָּצִים אֵלֶיךָ וְאָבְדָה
16 שְׁאֵרִית יְהוּדָה׃ וַיֹּאמֶר גְּדַלְיָהוּ בֶן־אֲחִיקָם אֶל־יוֹחָנָן
בֶּן־קָרֵחַ אַל־תַּעַשׂ אֶת־הַדָּבָר הַזֶּה כִּי־שֶׁקֶר אַתָּה דֹבֵר
אֶל־יִשְׁמָעֵאל׃

## מא

מא

א וַיְהִי ׀ בַּחֹדֶשׁ הַשְּׁבִיעִי בָּא יִשְׁמָעֵאל בֶּן־נְתַנְיָה בֶן־אֱלִישָׁמָע
מִזֶּרַע הַמְּלוּכָה וְרַבֵּי הַמֶּלֶךְ וַעֲשָׂרָה אֲנָשִׁים אִתּוֹ אֶל־
גְּדַלְיָהוּ בֶן־אֲחִיקָם הַמִּצְפָּתָה וַיֹּאכְלוּ שָׁם לֶחֶם יַחְדָּו
2 בַּמִּצְפָּה׃ וַיָּקָם יִשְׁמָעֵאל בֶּן־נְתַנְיָה וַעֲשֶׂרֶת הָאֲנָשִׁים ׀
אֲשֶׁר־הָיוּ אִתּוֹ וַיַּכּוּ אֶת־גְּדַלְיָהוּ בֶן־אֲחִיקָם בֶּן־שָׁפָן בַּחֶרֶב
3 וַיָּמֶת אֹתוֹ אֲשֶׁר־הִפְקִיד מֶלֶךְ־בָּבֶל בָּאָרֶץ׃ וְאֵת כָּל־
הַיְּהוּדִים אֲשֶׁר־הָיוּ אִתּוֹ אֶת־גְּדַלְיָהוּ בַּמִּצְפָּה וְאֶת־
הַכַּשְׂדִּים אֲשֶׁר נִמְצְאוּ־שָׁם אֵת אַנְשֵׁי הַמִּלְחָמָה הִכָּה
4 יִשְׁמָעֵאל׃ וַיְהִי בַּיּוֹם הַשֵּׁנִי לְהָמִית אֶת־גְּדַלְיָהוּ וְאִישׁ לֹא
ה יָדָע׃ וַיָּבֹאוּ אֲנָשִׁים מִשְּׁכֶם מִשִּׁלוֹ וּמִשֹּׁמְרוֹן שְׁמֹנִים אִישׁ
מְגֻלְּחֵי זָקָן וּקְרֻעֵי בְגָדִים וּמִתְגֹּדְדִים וּמִנְחָה וּלְבוֹנָה בְּיָדָם
6 לְהָבִיא בֵּית יְהוָה׃ וַיֵּצֵא יִשְׁמָעֵאל בֶּן־נְתַנְיָה לִקְרָאתָם
מִן־הַמִּצְפָּה הֹלֵךְ הָלֹךְ וּבֹכֶה וַיְהִי כִּפְגֹשׁ אֹתָם וַיֹּאמֶר
7 אֲלֵיהֶם בֹּאוּ אֶל־גְּדַלְיָהוּ בֶן־אֲחִיקָם׃ וַיְהִי כְּבוֹאָם אֶל־
תּוֹךְ הָעִיר וַיִּשְׁחָטֵם יִשְׁמָעֵאל בֶּן־נְתַנְיָה אֶל־תּוֹךְ הַבּוֹר
8 הוּא וְהָאֲנָשִׁים אֲשֶׁר־אִתּוֹ׃ וַעֲשָׂרָה אֲנָשִׁים נִמְצְאוּ־בָם
וַיֹּאמְרוּ אֶל־יִשְׁמָעֵאל אַל־תְּמִתֵנוּ כִּי־יֶשׁ־לָנוּ מַטְמֹנִים
בַּשָּׂדֶה חִטִּים וּשְׂעֹרִים וְשֶׁמֶן וּדְבָשׁ וַיֶּחְדַּל וְלֹא הֱמִיתָם

בַּעֲלִים, קֶענִיג פוּן דִיא קִינְדֶער פוּן עַמּוֹן, הָאט גֶעשִׁיקְט יִשְׁמָעֵאל, דֶעם זוּהְן פוּן נְתַנְיָה דֵיינֶע זֶעעלֶע צוּ דֶערְשְׁלָאגֶען? אָבֶּער גְדַלְיָהוּ, זוּהְן פוּן אֲחִיקָם, הָאט זֵייא נִיט גֶעגְלוֹיבְּט: 15 אוּנְד יוֹחָנָן, זוּהְן פוּן קָרֵחַ, הָאט גֶעזָאגְט צוּ גְדַלְיָהוּ אִין דֶעם פֶערְבָּארְגֶענֶעם, אִין מִצְפֶּה, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, אִיךְ וִויל דָאךְ גֶעהְן, אוּנְד אִיךְ וֶועל דֶערְשְׁלָאגֶען יִשְׁמָעֵאל, דֶעם זוּהְן פוּן נְתַנְיָה, אוּנְד קֵיין מֶענְשׁ וֶועט עֶס נִיט ווִיסֶען, וַוארוּם זָאל עֶר דֵיינֶע זֶעעלֶע דֶערְשְׁלָאגֶען, אוּנְד גַאנְץ יְהוּדָה וֶועלֶען זִיךְ צוּשְׁפְּרֵייטֶען, דִיא וָואס הָאבֶּען זִיךְ צוּ דִיר פֶערְזַאמֶעלְט, אוּנְד דִיא אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּענֶע פוּן יְהוּדָה וֶועלֶען פֶערְלוֹירֶען וֶוערֶען? 16 אוּנְד גְדַלְיָהוּ, זוּהְן פוּן אֲחִיקָם, הָאט גֶעזָאגְט צוּ יוֹחָנָן, זוּהְן פוּן קָרֵחַ, אִיהְר זָאלְט דִיא דָאזִיגֶע זַאךְ נִיט טְהוּן, וָוארִין דוּא רֶעדְסְט פַאלְשְׁקֵייט קֶעגֶען יִשְׁמָעֵאל:

### קאפיטעל מא

1 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אִין דֶעם זִיבֶּענְטֶען חוֹדֶשׁ, אַזוֹי אִיז גֶעקוּמֶען יִשְׁמָעֵאל, זוּהְן פוּן נְתַנְיָה, זוּהְן פוּן אֱלִישָׁמָע, פוּן דִיא קֶענִיגְלִיכֶע (זָאמֶען) קִינְדֶער, אוּנְד פוּן דִיא אוֹיבֶּערְשְׁטֶע פוּן דֶעם קֶענִיג, אוּנְד צֶעהְן מֶענֶער מִיט אִיהְם צוּ גְדַלְיָהוּ, זוּהְן פוּן אֲחִיקָם, קֵיין מִצְפָּה, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען דָארְטֶען צוּזַאמֶען בְּרוֹיט גֶעגֶעסֶען אִין מִצְפָּה: 2 אוּנְד יִשְׁמָעֵאל, זוּהְן פוּן נְתַנְיָה, אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען אוּנְד דִיא צֶעהְן מֶענֶער, וָואס זֶענֶען מִיט אִיהְם גֶעוֶועזֶען, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען דֶערְשְׁלָאגֶען גְדַלְיָהוּ. זוּהְן פוּן אֲחִיקָם, זוּהְן פוּן שָׁפָן, מִיט דֶעם שְׁוֶוערְד, אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם גֶעטֵייט, וֵוייל דֶער קֶענִיג פוּן בָּבֶל הָאט אִיהְם אָנְגֶעשְׁטֶעלְט אִיבֶּער דֶעם לַאנְד: 3 אוּנְד אַלֶע יְהוּדִים וָואס זֶענֶען גֶעוֶועזֶען מִיט אִיהְם, מִיט גְדַלְיָהוּ אִין מִצְפָּה, אוּנְד דִיא כַּשְׂדִּים וָואס זֶענֶען דָארְטֶען גֶעפוּנֶען גֶעוָוארֶען, אוּנְד דִיא מִלְחָמָה־לֵייט הָאט יִשְׁמָעֵאל דֶערְשְׁלָאגֶען: 4 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אִין דֶעם צְוֵוייטֶען טָאג, נָאכְדֶעם וִויא מֶען הָאט גֶעטֵייט גְדַלְיָהוּ, וֶוען קֵיינֶער הָאט נָאךְ נִיט דֶערְפוּן גֶעוְואוּסְט: 5 אוּנְד עֶס זֶענֶען גֶעקוּמֶען מֶענֶער פוּן שְׁכֶם, פוּן שִׁלוֹה אוּנְד פוּן שֹׁמְרוֹן, אַכְטְצִיג מֶענֶער מִיט אָפְּגֶעשׁוֹירֶענֶע בֶּערְד אוּנְד מִיט צוּרִיסֶענֶע קְלֵיידֶער, אוּנְד מִיט צוּרַאצְטֶע לֵייבֶּער, אוּנְד שְׁפֵּייז־אָפְּפֶער אוּנְד וֵויירוֹיךְ אִין זֵיירֶע הֶענְד, כְּדֵי עֶס צוּ בְּרֶענְגֶען אִין דֶעם הוֹיז פוּן דֶעם הַאר: 6 אוּנְד יִשְׁמָעֵאל, זוּהְן פוּן נְתַנְיָה, אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען זֵייא אַנְטְקֶעגֶען פוּן מִצְפָּה, עֶר אִיז אַהִין אוּנְד אַהֶער גֶעגַאנְגֶען אוּנְד גֶעוֵויינְט; אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען וֶוען עֶר הָאט זֵייא בֶּעגֶעגֶענְט, הָאט עֶר צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, קוּמְט צוּ גְדַלְיָהוּ, זוּהְן פוּן אֲחִיקָם: 7 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען וֶוען זֵייא זֶענֶען גֶעקוּמֶען אִין דֶער מִיטֶען פוּן דֶער שְׁטָאט, אַזוֹי הָאט זֵייא יִשְׁמָעֵאל, זוּהְן פוּן נְתַנְיָה גֶעשָׁאכְטֶען, (אוּנְד עֶר הָאט זֵייא אַרֵיינְגֶעוָוארְפֶען) אִין דֶער גְרוּבּ, עֶר אוּנְד דִיא לֵייט וָואס זֶענֶען מִיט אִיהְם גֶעוֶועזֶען: 8 אוּנְד צֶעהְן מֶענֶער זֶענֶען צְוִוישֶׁען זֵייא גֶעפוּנֶען גֶעוָוארֶען, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט צוּ יִשְׁמָעֵאל, טֵייט אוּנְס נִיט, וָוארִין מִיר הָאבֶּען פֶערְבָּארְגֶענֶע זַאכֶען אִין דֶעם פֶעלְד, וֵוייץ, אוּנְד גֶערְשְׁט, אוּנְד עֶהְל אוּנְד הָאנִיג, אַזוֹי הָאט עֶר פֶערְמִיטֶען אוּנְד הָאט זֵייא נִיט גֶעטֵייט צְוִוישֶׁען זֵיירֶע

9 בְּתוֹךְ אֲחֵיהֶם׃ וְהַבּוֹר אֲשֶׁר הִשְׁלִיךְ שָׁם יִשְׁמָעֵאל אֵת ׀
כָּל־פִּגְרֵי הָאֲנָשִׁים אֲשֶׁר הִכָּה בְּיַד־גְּדַלְיָהוּ הוּא אֲשֶׁר
עָשָׂה הַמֶּלֶךְ אָסָא מִפְּנֵי בַּעְשָׁא מֶלֶךְ־יִשְׂרָאֵל אֹתוֹ מִלֵּא
יִשְׁמָעֵאל בֶּן־נְתַנְיָהוּ חֲלָלִים׃ וַיִּשְׁבְּ ׀ יִשְׁמָעֵאל אֶת־כָּל־ י
שְׁאֵרִית הָעָם אֲשֶׁר בַּמִּצְפָּה אֶת־בְּנוֹת הַמֶּלֶךְ וְאֶת־כָּל־
הָעָם הַנִּשְׁאָרִים בַּמִּצְפָּה אֲשֶׁר הִפְקִיד נְבוּזַרְאֲדָן רַב־
טַבָּחִים אֶת־גְּדַלְיָהוּ בֶּן־אֲחִיקָם וַיִּשְׁבֵּם יִשְׁמָעֵאל בֶּן־
נְתַנְיָה וַיֵּלֶךְ לַעֲבֹר אֶל־בְּנֵי עַמּוֹן׃ וַיִּשְׁמַע יוֹחָנָן בֶּן־קָרֵחַ 11
וְכָל־שָׂרֵי הַחֲיָלִים אֲשֶׁר אִתּוֹ אֵת כָּל־הָרָעָה אֲשֶׁר עָשָׂה
יִשְׁמָעֵאל בֶּן־נְתַנְיָה׃ וַיִּקְחוּ אֶת־כָּל־הָאֲנָשִׁים וַיֵּלְכוּ לְהִלָּחֵם 12
עִם־יִשְׁמָעֵאל בֶּן־נְתַנְיָה וַיִּמְצְאוּ אֹתוֹ אֶל־מַיִם רַבִּים אֲשֶׁר
בְּגִבְעוֹן׃ וַיְהִי כִּרְאוֹת כָּל־הָעָם אֲשֶׁר אֶת־יִשְׁמָעֵאל אֶת־ 13
יוֹחָנָן בֶּן־קָרֵחַ וְאֵת כָּל־שָׂרֵי הַחֲיָלִים אֲשֶׁר אִתּוֹ וַיִּשְׂמָחוּ׃
וַיָּסֹבּוּ כָּל־הָעָם אֲשֶׁר־שָׁבָה יִשְׁמָעֵאל מִן־הַמִּצְפָּה וַיָּשֻׁבוּ 14
וַיֵּלְכוּ אֶל־יוֹחָנָן בֶּן־קָרֵחַ׃ וְיִשְׁמָעֵאל בֶּן־נְתַנְיָה נִמְלַט טו
בִּשְׁמֹנָה אֲנָשִׁים מִפְּנֵי יוֹחָנָן וַיֵּלֶךְ אֶל־בְּנֵי עַמּוֹן׃ וַיִּקַּח 16
יוֹחָנָן בֶּן־קָרֵחַ וְכָל־שָׂרֵי הַחֲיָלִים אֲשֶׁר־אִתּוֹ אֵת כָּל־
שְׁאֵרִית הָעָם אֲשֶׁר הֵשִׁיב מֵאֵת יִשְׁמָעֵאל בֶּן־נְתַנְיָה מִן־
הַמִּצְפָּה אַחַר הִכָּה אֶת־גְּדַלְיָה בֶּן־אֲחִיקָם גְּבָרִים אַנְשֵׁי
הַמִּלְחָמָה וְנָשִׁים וְטַף וְסָרִסִים אֲשֶׁר הֵשִׁיב מִגִּבְעוֹן׃
וַיֵּלְכוּ וַיֵּשְׁבוּ בְּגֵרוּת כִּמְוֹהָם אֲשֶׁר־אֵצֶל בֵּית לָחֶם לָלֶכֶת 17
לָבוֹא מִצְרָיִם׃ מִפְּנֵי הַכַּשְׂדִּים כִּי יָרְאוּ מִפְּנֵיהֶם כִּי־הִכָּה 18
יִשְׁמָעֵאל בֶּן־נְתַנְיָה אֶת־גְּדַלְיָהוּ בֶּן־אֲחִיקָם אֲשֶׁר־הִפְקִיד
מֶלֶךְ־בָּבֶל בָּאָרֶץ׃

מב מב

א וַיִּגְּשׁוּ כָּל־שָׂרֵי הַחֲיָלִים וְיוֹחָנָן בֶּן־קָרֵחַ וִיזַנְיָה בֶּן־הוֹשַׁעְיָה
2 וְכָל־הָעָם מִקָּטֹן וְעַד־גָּדוֹל׃ וַיֹּאמְרוּ אֶל־יִרְמְיָהוּ הַנָּבִיא

בְּרִידֶער: 9 אוּנד דיא גְרוּבּ וָואס יִשְׁמָעֵאל הָאט דָארט אַריינגעוָוארפֶען אַלֶע טוֹיטֶע קֶערפֶּער פוּן דיא מֶענֶער וָואס עֶר הָאט גֶעטֵייט וֶועגֶען גְדַלְיָהוּ, אִיז דִיזֶעלְבִּיגֶע וָואס דֶער קֶענִיג אָסָא הָאט גֶעמַאכְט פַאר בַּעְשָׁא, קֶענִיג פוּן יִשְׂרָאֵל, דִיזֶעלְבֶּע הָאט יִשְׁמָעֵאל, זוּהְן פוּן נְתַנְיָה, אָנְגֶעפִילְט מִיט דֶערְשְׁלָאגֶענֶע: 10 אוּנד יִשְׁמָעֵאל הָאט גֶעפַאנְגֶען אַלֶע אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּענֶע פוּן דֶעם פָאלְק וָואס זֶענֶען גֶעוֶועזֶען אִין מִצְפָּה, וָואס נְבוּזַרְאֲדָן, דֶער אוֹיבֶּער־שְׁטֶער פוּן דיא שְׁלַאכְטֶער, הָאט אִיבֶּער זֵייא אָנְגֶעשְׁטֶעלְט גְדַלְיָהוּ, זוּהְן פוּן אֲחִיקָם, יָא, יִשְׁמָעֵאל, זוּהְן פוּן נְתַנְיָה, הָאט זֵייא גֶעפַאנְגֶען, אוּנד אִיז אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען כְּדֵי אִיבֶּערְצוּפָארֶען צוּ דיא קִינְדֶער פוּן עַמּוֹן: 11 אוּנד וֶוען יוֹחָנָן, זוּהְן פוּן קָרֵחַ, הָאט גֶעהֶערְט, אוּנד אַלֶע אוֹיבֶּער־שְׁטֶע פוּן דֶעם חַיִל וָואס זֶענֶען מִיט אִיהְם גֶעוֶועזֶען, דָאס גַאנְצֶע שְׁלֶעכְטֶע וָואס יִשְׁמָעֵאל, זוּהְן פוּן נְתַנְיָה, הָאט גֶעטְהוּן: 12 אַזוֹי הָאבֶּען זֵייא גֶענוּמֶען אַלֶע מֶענֶער, אוּנד זֵייא זֶענֶען גֶעגַאנְגֶען מִלְחָמָה הַאלְטֶען מִיט יִשְׁמָעֵאל, זוּהְן פוּן נְתַנְיָה, אוּנד זֵייא הָאבֶּען אִיהְם גֶעפוּנֶען בֵּייא דֶעם גְרוֹיסֶען וַואסֶער וָואס אִיז גֶעוֶועזֶען אִין גִבְעוֹן: 13 אוּנד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען וֶוען דָאס גַאנְצֶע פָאלְק וָואס זֶענֶען גֶעוֶועזֶען מִיט יִשְׁמָעֵאל, הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען יוֹחָנָן זוּהְן פוּן קָרֵחַ, אוּנד אַלֶע אוֹיבֶּערְשְׁטֶע פוּן דֶעם חַיִל וָואס זֶענֶען מִיט אִיהְם, אַזוֹי הָאבֶּען זֵייא זִיךְ גֶעפְרֵייט: 14 אוּנד דָאס גַאנְצֶע פָאלְק וָואס יִשְׁמָעֵאל הָאט גֶעפַאנְגֶען פוּן מִצְפָּה, הָאבֶּען זִיךְ אוּמְגֶעקֶעהְרְט, אוּנד זֵייא זֶענֶען צוּרִיקְגֶעגַאנְגֶען צוּ יוֹחָנָן זוּהְן פוּן קָרֵחַ: 15 אוּנד יִשְׁמָעֵאל זוּהְן פוּן נְתַנְיָה, אִיז אַנְטְרוּנֶען מִיט אַכְט מֶענֶער פָאר יוֹחָנָן, אוּנד עֶר אִיז גֶעגַאנְגֶען צוּ דיא קִינְדֶער פוּן עַמּוֹן: 16 אוּנד יוֹחָנָן זוּהְן פוּן קָרֵחַ, אוּנד אַלֶע אוֹיבֶּערְשְׁטֶע פוּן דֶעם חַיִל וָואס זֶענֶען מִיט אִיהְם גֶעוֶועזֶען, הָאבֶּען גֶענוּמֶען דָאס גַאנְצֶע אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּענֶע פוּן דֶעם פָאלְק, וָואס עֶר הָאט ווידֶער־גֶעקֶעהְרְט פוּן יִשְׁמָעֵאל זוּהְן פוּן נְתַנְיָה, פוּן מִצְפָּה, נָאכְדֶעם עֶר הָאט דֶערְשְׁלָאגֶען גְדַלְיָהוּ, זוּהְן פוּן אֲחִיקָם, מֶענֶער, מִלְחָמָה־לֵייט, אוּנד ווייבֶּער אוּנד קִינְדֶער אוּנד הוֹיפְ־דִינֶער, וָואס עֶר הָאט צוּרִיקְגֶעבְּרַאכְט פוּן גִבְעוֹן: 17 אוּנד זֵייא זֶענֶען גֶעגַאנְגֶען אוּנד הָאבֶּען גֶעוְואוֹינְט אִין גֵרוּת כִּמְהָם, וָואס אִיז בֵּייא בֵּית לָחֶם, (דֶער וֶועג) וָואס גֶעהְט צוּ קוּמֶען קֵיין מִצְרַיִם: 18 פָאר דיא כַּשְׂדִּים, וָוארִין זֵייא הָאבֶּען מוֹרָא גֶעהַאט פַאר זֵייא, ווייל יִשְׁמָעֵאל, זוּהְן פוּן נְתַנְיָה, הָאט דֶערְשְׁלָאגֶען גְדַלְיָהוּ, זוּהְן פוּן אֲחִיקָם, וָואס דֶער קֶענִיג פוּן בָּבֶל הָאט אִיהְם אָנְגֶעשְׁטֶעלְט אִין דֶעם לַאנְד:

## קאפיטעל מב

1 אוּנד עֶס הָאבֶּען גֶענֶעהֶנְט אַלֶע אוֹיבֶּערְשְׁטֶע פוּן דֶעם חַיִל, אוּנד יוֹחָנָן זוּהְן פוּן קָרֵחַ, אוּנד יַזַנְיָה זוּהְן פוּן הוֹשַׁעְיָה, אוּנד דָאס גַאנְצֶע פָאלְק פוּן קְלֵיין בִּיז גְרוֹיס: 2 אוּנד זֵייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט צוּ יִרְמְיָהוּ הַנָּבִיא, לָאז דָאךְ אוּנְזֶער גֶעבֶּעט פַאר דִיר

תִּפָּל־נָא תְחִנָּתֵנוּ לְפָנֶיךָ וְהִתְפַּלֵּל בַּעֲדֵנוּ אֶל־יְהוָה אֱלֹהֶיךָ
בְּעַד כָּל־הַשְּׁאֵרִית הַזֹּאת כִּי־נִשְׁאַרְנוּ מְעַט מֵהַרְבֵּה כַּאֲשֶׁר
3 עֵינֶיךָ רֹאוֹת אֹתָנוּ׃ וְיַגֶּד־לָנוּ יְהוָה אֱלֹהֶיךָ אֶת־הַדֶּרֶךְ
4 אֲשֶׁר־נֵלֶךְ־בָּהּ וְאֶת־הַדָּבָר אֲשֶׁר נַעֲשֶׂה׃ וַיֹּאמֶר אֲלֵיהֶם
יִרְמְיָהוּ הַנָּבִיא שָׁמַעְתִּי הִנְנִי מִתְפַּלֵּל אֶל־יְהוָה אֱלֹהֵיכֶם
כְּדִבְרֵיכֶם וְהָיָה כָּל־הַדָּבָר אֲשֶׁר־יַעֲנֶה יְהוָה אֶתְכֶם אַגִּיד
ה לָכֶם לֹא־אֶמְנַע מִכֶּם דָּבָר׃ וְהֵמָּה אָמְרוּ אֶל־יִרְמְיָהוּ יְהִי
יְהוָה בָּנוּ לְעֵד אֱמֶת וְנֶאֱמָן אִם־לֹא כְּכָל־הַדָּבָר אֲשֶׁר
6 יִשְׁלָחֲךָ יְהוָה אֱלֹהֶיךָ אֵלֵינוּ כֵּן נַעֲשֶׂה׃ אִם־טוֹב וְאִם־
רָע בְּקוֹל ׀ יְהוָה אֱלֹהֵינוּ אֲשֶׁר אֲנוּ שֹׁלְחִים אֹתְךָ אֵלָיו
נִשְׁמָע לְמַעַן אֲשֶׁר יִיטַב־לָנוּ כִּי נִשְׁמַע בְּקוֹל יְהוָה
7 אֱלֹהֵינוּ׃ וַיְהִי מִקֵּץ עֲשֶׂרֶת יָמִים וַיְהִי דְבַר־יְהוָה
8 אֶל־יִרְמְיָהוּ׃ וַיִּקְרָא אֶל־יוֹחָנָן בֶּן־קָרֵחַ וְאֶל כָּל־שָׂרֵי
9 הַחֲיָלִים אֲשֶׁר אִתּוֹ וּלְכָל־הָעָם לְמִקָּטֹן וְעַד־גָּדוֹל׃ וַיֹּאמֶר
אֲלֵיהֶם כֹּה־אָמַר יְהוָה אֱלֹהֵי יִשְׂרָאֵל אֲשֶׁר שְׁלַחְתֶּם אֹתִי
י אֵלָיו לְהַפִּיל תְּחִנַּתְכֶם לְפָנָיו׃ אִם־שׁוֹב תֵּשְׁבוּ בָּאָרֶץ
הַזֹּאת וּבָנִיתִי אֶתְכֶם וְלֹא אֶהֱרֹס וְנָטַעְתִּי אֶתְכֶם וְלֹא
11 אֶתּוֹשׁ כִּי נִחַמְתִּי אֶל־הָרָעָה אֲשֶׁר עָשִׂיתִי לָכֶם׃ אַל־
תִּירְאוּ מִפְּנֵי מֶלֶךְ בָּבֶל אֲשֶׁר־אַתֶּם יְרֵאִים מִפָּנָיו אַל־
תִּירְאוּ מִמֶּנּוּ נְאֻם־יְהוָה כִּי־אִתְּכֶם אֲנִי לְהוֹשִׁיעַ אֶתְכֶם
12 וּלְהַצִּיל אֶתְכֶם מִיָּדוֹ׃ וְאֶתֵּן לָכֶם רַחֲמִים וְרִחַם אֶתְכֶם
13 וְהֵשִׁיב אֶתְכֶם אֶל־אַדְמַתְכֶם׃ וְאִם־אֹמְרִים אַתֶּם לֹא נֵשֵׁב
14 בָּאָרֶץ הַזֹּאת לְבִלְתִּי שְׁמֹעַ בְּקוֹל יְהוָה אֱלֹהֵיכֶם׃ לֵאמֹר
לֹא כִּי אֶרֶץ מִצְרַיִם נָבוֹא אֲשֶׁר לֹא־נִרְאֶה מִלְחָמָה וְקוֹל
טו שׁוֹפָר לֹא נִשְׁמָע וְלַלֶּחֶם לֹא־נִרְעָב וְשָׁם נֵשֵׁב׃ וְעַתָּה
לָכֵן שִׁמְעוּ דְבַר־יְהוָה שְׁאֵרִית יְהוּדָה כֹּה־אָמַר יְהוָה
צְבָאוֹת אֱלֹהֵי יִשְׂרָאֵל אִם־אַתֶּם שׂוֹם תְּשִׂמוּן פְּנֵיכֶם לָבֹא

פַאלֶען, אוּנְד בֶּעט פַאר אוּנְס צוּ דֶעם הַאר, דֵיין גָאט, פַאר דִיא גַאנְצֶע דָאזִיגֶע אִיבֶּערְבְּלֵייבּוּנְג, וָוארִין מִיר זֶענֶען אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּען וֶוינְצִיג פוּן פִיל, אַזוֹי וִויא דֵיינֶע אוֹיגֶען זֶעהֶען אוּנְס: 3 דָאס דֶער הַאר, דֵיין גָאט זָאל אוּנְס זָאגֶען דֶעם וֶועג, וֶועלכֶען מִיר זָאלֶען גֶעהְן, אוּנְד דִיא זַאךְ וָואס מִיר זָאלֶען טְהוּן: 4 אוּנְד יִרְמְיָהוּ הַנָּבִיא הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, אִיךְ הָאבּ גֶעהֶערְט, זֶעה, אִיךְ וֶועל בֶּעטֶען צוּ דֶעם הַאר אֵייעֶר גָאט נָאךְ אֵייעֶר וָוארְט, אוּנְד עֶס וֶועט זֵיין דָאס אַלֶע וֶוערְטֶער וָואס דֶער הַאר וֶועט אֵייךְ עֶנְטְפֶערְן, וֶועל אִיךְ אֵייךְ זָאגֶען, אִיךְ וֶועל פוּן אֵייךְ נִיט פֶערְמֵיידֶען קֵיין וָוארְט: 5 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט צוּ יִרְמְיָהוּ, דֶער הַאר זָאל זֵיין קֶעגֶען אוּנְס צוּ אַ וַואהְרֶען (אֶמֶת'ען) אוּנְד טְרֵייעֶן עֵדוּת אוֹיבּ מִיר וֶועלֶען נִיט טְהוּן נָאךְ אִיטְלִיכֶען וָוארְט וָואס דֶער הַאר, דֵיין גָאט, וֶועט צוּ אוּנְס שִׁיקֶען: 6 אוֹיבּ עֶס אִיז גוּט אָדֶער שְׁלֶעכְט, צוּ דֶעם קוֹל פוּן דֶעם הַאר, אוּנְזֶער גָאט, צוּ וֶועלְכֶען מִיר שִׁיקֶען דִיךְ, וֶועלֶען מִיר הֶערֶען, כְּדֵי עֶס זָאל אוּנְס גוּט זֵיין, וָוארִין מִיר וֶועלֶען הֶערֶען צוּ דֶעם קוֹל פוּן דֶעם הַאר, אוּנְזֶער גָאט: 7 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אַם עֶנְד פוּן צֶעהְן טֶעג, אַזוֹי אִיז דָאס וָוארְט פוּן דֶעם הַאר גֶעוֶועזֶען צוּ יִרְמְיָהוּ: 8 אוּנְד עֶר הָאט גֶערוּפֶען יוֹחָנָן זוּהְן פוּן קָרֵחַ, אוּנְד אַלֶע הוֹיפְּט־לֵייט פוּן דֶעם חַיִל, וָואס זֶענֶען מִיט אִיהְם גֶעוֶועזֶען, אוּנְד צוּ דֶעם גַאנְצֶען פָאלְק, פוּן קְלֵיין בִּיז גְרוֹיס: 9 אוּנְד עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר, דֶער גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל, צוּ וֶועמֶען אִיהְר הָאט מִיךְ גֶעשִׁיקְט, מֵיין גֶעבֶּעט פָאר אִיהְם פַאלֶען צוּ לָאזֶען: 10 וֶוען אִיהְר וֶועט בְּלֵייבֶּען וְואוֹינֶען אִין דֶעם דָאזִיגֶען לַאנְד, אַזוֹי וֶועל אִיךְ אֵייךְ אוֹיפְבּוֹיעֶן אוּנְד נִיט צוּשְׁטֶערֶען, אוּנְד אִיךְ וֶועל אֵייךְ אֵיינְפְלַאנְצֶען, אוּנְד נִיט אוֹיסְרֵייסֶען, וָוארִין אִיךְ הָאבּ מִיךְ בֶּעדֶענְקְט (בֶּערֵייעֶט) וֶועגֶען דָאס שְׁלֶעכְטֶע וָואס אִיךְ הָאבּ אֵייךְ גֶעטְהוּן: 11 אִיהְר זָאלְט נִיט קֵיין מוֹרָא הָאבֶּען פָאר דֶעם קֶענִיג פוּן בָּבֶל, וָואס אִיהְר הָאט פָאר אִיהְם מוֹרָא גֶעהַאט, אִיהְר זָאלְט פָאר אִיהְם נִיט מֶעהְר מוֹרָא הָאבֶּען, זָאגְט דֶער הַאר, וָוארִין אִיךְ בִּין מִיט אֵייךְ, כְּדֵי אֵייךְ צוּ הֶעלְפֶען, אוּנְד אֵייךְ מַצִּיל צוּ זֵיין פוּן זֵיינֶע הַאנְד: 12 אוּנְד אִיךְ וֶועל אֵייךְ בַּארְמְהֶערְצִיגְקֵייט גֶעבֶּען, אוּנְד עֶר וֶועט זִיךְ אִיבֶּער אֵייךְ דֶערְבַּארֶעמֶען, אוּנְד עֶר וֶועט אֵייךְ צוּרִיקְבְּרֶענְגֶען צוּ אֵייעֶר לַאנְד: 13 אָבֶּער וֶוען אִיהְר וֶועט זָאגֶען, מִיר וֶועלֶען נִיט בְּלֵייבֶּען אִין דֶעם דָאזִיגֶען לַאנְד, דָאס אִיהְר וֶועט נִיט צוּ הֶערֶען צוּ דֶעם קוֹל פוּן דֶעם הַאר, אֵייעֶר גָאט: 14 אוּנְד זָאגֶען, נֵיין, נֵייעֶרְט, מִיר וֶועלֶען קוּמֶען צוּ דֶעם לַאנְד מִצְרַיִם וְואוּ מִיר וֶועלֶען נִיט זֶעהֶען קֵיין מִלְחָמָה, אוּנְד דָאס קוֹל פוּן דֶעם שׁוֹפָר וֶועלֶען מִיר נִיט הֶערֶען, אוּנְד נָאךְ בְּרוֹיט וֶועלֶען מִיר נִיט הוּנְגֶערְן, נָאר דָארְטֶען וֶועלֶען מִיר וְואוֹינֶען: 15 אוּנְד אַצוּנְד, דָארוּם הֶערְט דָאס וָוארְט פוּן דֶעם הַאר, אִיהְר אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּענֶע פוּן יְהוּדָה, אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר צְבָאוֹת, דֶער גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל, וֶוען אִיהְר וֶועט טְהוּן אֵייעֶר פָּנִים צוּ קוּמֶען

16 מִצְרַיִם וּבָאתֶם לָגוּר שָׁם׃ וְהָיְתָה הַחֶרֶב אֲשֶׁר אַתֶּם
יְרֵאִים מִמֶּנָּה שָׁם תַּשִּׂיג אֶתְכֶם בְּאֶרֶץ מִצְרָיִם וְהָרָעָב
אֲשֶׁר־אַתֶּם ׀ דֹּאֲגִים מִמֶּנּוּ שָׁם יִדְבַּק אַחֲרֵיכֶם מִצְרַיִם
17 וְשָׁם תָּמֻתוּ׃ וְיִהְיוּ כָל־הָאֲנָשִׁים אֲשֶׁר־שָׂמוּ אֶת־פְּנֵיהֶם
לָבוֹא מִצְרַיִם לָגוּר שָׁם יָמוּתוּ בַּחֶרֶב בָּרָעָב וּבַדָּבֶר וְלֹא־
יִהְיֶה לָהֶם שָׂרִיד וּפָלִיט מִפְּנֵי הָרָעָה אֲשֶׁר אֲנִי מֵבִיא
18 עֲלֵיהֶם׃ כִּי כֹה אָמַר יְהוָה צְבָאוֹת אֱלֹהֵי יִשְׂרָאֵל כַּאֲשֶׁר
נִתַּךְ אַפִּי וַחֲמָתִי עַל־יֹשְׁבֵי יְרוּשָׁלִַם כֵּן תִּתַּךְ חֲמָתִי
עֲלֵיכֶם בְּבֹאֲכֶם מִצְרָיִם וִהְיִיתֶם לְאָלָה וּלְשַׁמָּה וְלִקְלָלָה
19 וּלְחֶרְפָּה וְלֹא־תִרְאוּ עוֹד אֶת־הַמָּקוֹם הַזֶּה׃ דִּבֶּר יְהוָה
עֲלֵיכֶם שְׁאֵרִית יְהוּדָה אַל־תָּבֹאוּ מִצְרָיִם יָדֹעַ תֵּדְעוּ כִּי־
20 הַעִידֹתִי בָכֶם הַיּוֹם׃ כִּי הִתְעֵתֶם בְּנַפְשׁוֹתֵיכֶם כִּי־אַתֶּם
שְׁלַחְתֶּם אֹתִי אֶל־יְהוָה אֱלֹהֵיכֶם לֵאמֹר הִתְפַּלֵּל בַּעֲדֵנוּ
אֶל־יְהוָה אֱלֹהֵינוּ וּכְכֹל אֲשֶׁר יֹאמַר יְהוָה אֱלֹהֵינוּ כֵּן
21 הַגֶּד־לָנוּ וְעָשִׂינוּ׃ וָאַגִּד לָכֶם הַיּוֹם וְלֹא שְׁמַעְתֶּם בְּקוֹל
22 יְהוָה אֱלֹהֵיכֶם וּלְכֹל אֲשֶׁר־שְׁלָחַנִי אֲלֵיכֶם׃ וְעַתָּה יָדֹעַ
תֵּדְעוּ כִּי בַּחֶרֶב בָּרָעָב וּבַדֶּבֶר תָּמוּתוּ בַּמָּקוֹם אֲשֶׁר
חֲפַצְתֶּם לָבוֹא לָגוּר שָׁם׃

מג מג

א וַיְהִי כְּכַלּוֹת יִרְמְיָהוּ לְדַבֵּר אֶל־כָּל־הָעָם אֶת־כָּל־דִּבְרֵי
יְהוָה אֱלֹהֵיהֶם אֲשֶׁר שְׁלָחוֹ יְהוָה אֱלֹהֵיהֶם אֲלֵיהֶם אֵת
2 כָּל־הַדְּבָרִים הָאֵלֶּה׃ וַיֹּאמֶר עֲזַרְיָה בֶן־הוֹשַׁעְיָה
וְיוֹחָנָן בֶּן־קָרֵחַ וְכָל־הָאֲנָשִׁים הַזֵּדִים אֹמְרִים אֶל־יִרְמְיָהוּ
שֶׁקֶר אַתָּה מְדַבֵּר לֹא שְׁלָחֲךָ יְהוָה אֱלֹהֵינוּ לֵאמֹר לֹא־
3 תָבֹאוּ מִצְרַיִם לָגוּר שָׁם׃ כִּי בָּרוּךְ בֶּן־נֵרִיָּה מַסִּית אֹתְךָ
בָּנוּ לְמַעַן תֵּת אֹתָנוּ בְיַד־הַכַּשְׂדִּים לְהָמִית אֹתָנוּ וּלְהַגְלוֹת
4 אֹתָנוּ בָּבֶל׃ וְלֹא־שָׁמַע יוֹחָנָן בֶּן־קָרֵחַ וְכָל־שָׂרֵי הַחֲיָלִים

קיין מִצְרַיִם, אוּנד אִיהר װעט קוּמען
דאָרטען צוּ װאוֹינען: 16 אַזוֹי װעט
דאָס שװערד, פאַר װעלכען אִיהר האָט
מוֹרָא, אייך דאָרטען גרייכען אין דעם
לאַנד מִצְרַיִם, אוּנד דער הוּנגער פאַר
װעלכען אִיהר זענט בּעזאָרגט, װעט
זיך דאָרטען בּעהעפטען הִינטער אייך
אין מִצְרַיִם, אוּנד אִיהר װעט דאָרטען
שטאַרבּען: 17 אוּנד עס װעלען זיין,
אַלע דיא לייט, װאָס האָבּען געטהוּן
זייער פָּנִים צוּ קוּמען קיין מִצְרַיִם, דאָר־
טען צוּ װאוֹינען, װעלען שטאַרבּען דוּרך
דעם שװערד, דוּרך הוּנגער אוּנד
דוּרך פּעסט; אוּנד עס װעט פוּן זייא
נִיט זיין קיין אִיבּערגעבּלִיבּענער אוּנד
אַנטרוּנענער, װעגען דאָס שלעכטע
װאָס אִיך װעל אִיבּער זייא בּרענגען:
18 װאָרִין אַזוֹי זאָגט דער האַר צְבָאוֹת,
דער גאָט פוּן יִשְׂרָאֵל, אַזוֹי װיא מיין
צאָרן אוּנד גרִימצאָרן אִיז אוֹיסגעגאָסען
געװאָרען אוֹיף דיא איינװאוֹינער פוּן
יְרוּשָׁלַיִם, אַזוֹי װעט אוֹיף אייך אוֹיסגע־
גאָסען װערען מיין גרִימצאָרן, װען אִיהר
װעט קוּמען קיין מִצְרַיִם, אוּנד אִיהר
װעט זיין צוּ אַ פלוּך אוּנד צוּ אַ פערװאוּנדערוּנג (ערשטוֹינוּנג), אוּנד צוּ אַ שעלטוּנג
אוּנד צוּ אַ שאַנד, אוּנד אִיהר װעט נִיט מעהר זעהן דעם דאָזיגען אָרט: 19 דער האַר
האָט צוּ אייך גערעדט, אִיהר אִיבּערגעבּלִיבּענע פוּן יְהוּדָה, אִיהר זאָלט נִיט קוּמען קיין
מִצְרַיִם, אִיהר זאָלט געװיס װיסען דאָס אִיך האָבּ אייך היינט געװאָרענט: 20 װאָרִין
אִיהר האָט אייך אַליין פערפִיהרט; װען אִיהר האָט מִיך געשִׁיקט צוּ דעם האַר אייער
גאָט, אַזוֹי צוּ זאָגען, בּעט פאַר אוּנס צוּ דעם האַר אוּנזער גאָט, אוּנד אַלעס װאָס דער
האַר אוּנזער גאָט װעט זאָגען, זאָג עס צוּ אוּנס, אוּנד מִיר װעלען עס טהוּן:
21 אוּנד אִיך האָבּ עס צוּ אייך היינט געזאָגט, אָבּער אִיהר האָט נִיט צוּגעהערט צוּ
דעם קוֹל פוּן דעם האַר אייער גאָט, אוּנד צוּ אַלעס דעם װאָס ער האָט מִיך צוּ
אייך געשִׁיקט: 22 אוּנד אַצוּנד זאָלט אִיהר געװיס װיסען דאָס דוּרך דעם שװערד,
אוּנד דוּרך הוּנגער, אוּנד דוּרך פּעסט, װעט אִיהר שטאַרבּען, אין דעם אָרט אַהין אִיהר
בּעגעהרט צוּ קוּמען, כְּדֵי דאָרטען צוּ װאוֹינען:

קאַפּיטעל מג

1 אוּנד עס אִיז געװעזען, װען יִרְמְיָהוּ האָט אוֹיפגעהערט צוּ רעדען צוּ דעם
גאַנצען פאָלק אַלע װערטער פוּן דעם האַר, זייער גאָט, װאָס דער האַר זייער
גאָט האָט אִיהם צוּ זייא געשִׁיקט, מִיט אַלע דיא דאָזיגע װערטער: 2 אַזוֹי
האָט עֲזַרְיָה זוּהן פוּן הוֹשַׁעְיָה געזאָגט, אוּנד יוֹחָנָן זוּהן פוּן קָרֵחַ, אוּנד אַלע
שלעכטע (מוּטװילִיגע) לייט האָבּען געזאָגט צוּ יִרְמְיָהוּ, דוּא רעדסט פאַלש!
דער האַר אוּנזער גאָט האָט דִיך נִיט געשִׁיקט אַזוֹי צוּ זאָגען, אִיהר זאָלט נִיט
קוּמען קיין מִצְרַיִם, דאָרטען צוּ װאוֹינען: 3 נייערט בָּרוּךְ, זוּהן פוּן נֵרִיָה, רייצט
דִיך אָן קעגען אוּנס, כְּדֵי אוּנס אִיבּער־צוּגעבּען אין דיא האַנד פוּן דיא כַּשְׂדִּים,
דאָס זייא זאָלען אוּנס טייטען, אוּנד דאָס זייא זאָלען אוּנס פערטרייבּען
קיין בָּבֶל: 4 אוּנד יוֹחָנָן זוּהן פוּן קָרֵחַ, אוּנד אַלע פירשטען פוּן דעם חַיִל,
אוּנד

ה וְכָל־הָעָם בְּקוֹל יְהוָה לָשֶׁבֶת בְּאֶרֶץ יְהוּדָה׃ וַיִּקַּח יוֹחָנָן
בֶּן־קָרֵחַ וְכָל־שָׂרֵי הַחֲיָלִים אֵת כָּל־שְׁאֵרִית יְהוּדָה אֲשֶׁר־
שָׁבוּ מִכָּל־הַגּוֹיִם אֲשֶׁר נִדְּחוּ־שָׁם לָגוּר בְּאֶרֶץ יְהוּדָה׃
6 אֶת־הַגְּבָרִים וְאֶת־הַנָּשִׁים וְאֶת־הַטַּף וְאֶת־בְּנוֹת הַמֶּלֶךְ
וְאֵת כָּל־הַנֶּפֶשׁ אֲשֶׁר הִנִּיחַ נְבוּזַרְאֲדָן רַב־טַבָּחִים אֶת־
גְּדַלְיָהוּ בֶּן־אֲחִיקָם בֶּן־שָׁפָן וְאֵת יִרְמְיָהוּ הַנָּבִיא וְאֶת־
7 בָּרוּךְ בֶּן־נֵרִיָּהוּ׃ וַיָּבֹאוּ אֶרֶץ מִצְרַיִם כִּי לֹא שָׁמְעוּ בְּקוֹל
8 יְהוָה וַיָּבֹאוּ עַד־תַּחְפַּנְחֵס׃ וַיְהִי דְבַר־יְהוָה אֶל־
9 יִרְמְיָהוּ בְּתַחְפַּנְחֵס לֵאמֹר׃ קַח בְּיָדְךָ אֲבָנִים גְּדֹלוֹת
וּטְמַנְתָּם בַּמֶּלֶט בַּמַּלְבֵּן אֲשֶׁר בְּפֶתַח בֵּית־פַּרְעֹה
י בְּתַחְפַּנְחֵס לְעֵינֵי אֲנָשִׁים יְהוּדִים׃ וְאָמַרְתָּ אֲלֵיהֶם כֹּה־
אָמַר יְהוָה צְבָאוֹת אֱלֹהֵי יִשְׂרָאֵל הִנְנִי שֹׁלֵחַ וְלָקַחְתִּי אֶת־
נְבוּכַדְרֶאצַּר מֶלֶךְ־בָּבֶל עַבְדִּי וְשַׂמְתִּי כִסְאוֹ מִמַּעַל
לָאֲבָנִים הָאֵלֶּה אֲשֶׁר טָמָנְתִּי וְנָטָה אֶת־שַׁפְרוּרוֹ עֲלֵיהֶם׃
11 וּבָאה וְהִכָּה אֶת־אֶרֶץ מִצְרָיִם אֲשֶׁר לַמָּוֶת לַמָּוֶת וַאֲשֶׁר
12 לַשְּׁבִי לַשֶּׁבִי וַאֲשֶׁר לַחֶרֶב לֶחָרֶב׃ וְהִצַּתִּי אֵשׁ בְּבָתֵּי
אֱלֹהֵי מִצְרַיִם וּשְׂרָפָם וְשָׁבָם וְעָטָה אֶת־אֶרֶץ מִצְרַיִם
13 כַּאֲשֶׁר־יַעְטֶה הָרֹעֶה אֶת־בִּגְדוֹ וְיָצָא מִשָּׁם בְּשָׁלוֹם׃ וְשִׁבַּר
אֶת־מַצְּבוֹת בֵּית שֶׁמֶשׁ אֲשֶׁר בְּאֶרֶץ מִצְרָיִם וְאֶת־בָּתֵּי
אֱלֹהֵי־מִצְרַיִם יִשְׂרֹף בָּאֵשׁ׃

## מד מד

א הַדָּבָר אֲשֶׁר הָיָה אֶל־יִרְמְיָהוּ אֶל כָּל־הַיְּהוּדִים הַיֹּשְׁבִים
בְּאֶרֶץ מִצְרָיִם הַיֹּשְׁבִים בְּמִגְדֹּל וּבְתַחְפַּנְחֵס וּבְנֹף וּבְאֶרֶץ
2 פַּתְרוֹס לֵאמֹר׃ כֹּה־אָמַר יְהוָה צְבָאוֹת אֱלֹהֵי יִשְׂרָאֵל
אַתֶּם רְאִיתֶם אֵת כָּל־הָרָעָה אֲשֶׁר הֵבֵאתִי עַל־יְרוּשָׁלִָם
וְעַל כָּל־עָרֵי יְהוּדָה וְהִנָּם חָרְבָּה הַיּוֹם הַזֶּה וְאֵין בָּהֶם
3 יוֹשֵׁב׃ מִפְּנֵי רָעָתָם אֲשֶׁר עָשׂוּ לְהַכְעִסֵנִי לָלֶכֶת לְקַטֵּר

אוּנְד דָאס גַאנְצֶע פָאלְק הָאבֶּען נִיט גֶעהֶערְט צוּ דֶעם קוֹל פוּן דֶעם הַאר, דָאס זֵייא זָאלֶען וְואוֹינֶען אִין דֶעם לַאנְד פוּן יְהוּדָה׃ 5 אוּנְד יוֹחָנָן זוּהְן פוּן קָרֵחַ, אוּנְד אַלֶע פִירְשְׁטֶען פוּן דֶעם חַיִל הָאבֶּען גֶענוּמֶען אַלֶע אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּענֶע פוּן יְהוּדָה, וָואס זֵייא הָאבֶּען זִיךְ צוּרִיקְגֶעקֶעהְרְט פוּן אַלֶע פֶעלְקֶער, וָואס זֵייא זֶענֶען דָארְטֶען פֶערְשְׁטוֹיסֶען גֶעוָוארֶען, צוּ וְואוֹינֶען אִין דֶעם לַאנְד פוּן יְהוּדָה׃ 6 דִיא מֶענֶער אוּנְד ווייבֶּער אוּנְד קְלֵיינֶע קִינְדֶער, אוּנְד דִיא טֶעכְטֶער פוּן דֶעם קֶענִיג, אוּנְד אַלֶע זֶעלֶען וָואס נְבוּזַרְאֲדָן דֶער אוֹיבֶּערְשְׁטֶער פוּן דִיא שְׁלַאכְטֶער הָאט אִיבֶּערְגֶעלָאזְט, בֵּייא גְדַלְיָהוּ, זוּהְן פוּן אֲחִיקָם, זוּהְן פוּן שָׁפָן, אוּנְד בֵּייא יִרְמְיָהוּ הַנָּבִיא, אוּנְד בֵּייא בָּרוּךְ, זוּהְן פוּן נֵרִיָּהוּ׃ 7 אוּנְד זֵייא זֶענֶען גֶעקוּמֶען צוּ דֶעם לַאנְד מִצְרַיִם וָוארִין זֵייא הָאבֶּען נִיט גֶעהֶערְט צוּ דֶעם קוֹל פוּן דֶעם הַאר, אוּנְד זֵייא זֶענֶען גֶעקוּמֶען בִּיז תַּחְפַּנְחֵס׃ 8 אוּנְד דָאס וָוארְט פוּן דֶעם הַאר אִיז גֶעוֶועזֶען צוּ יִרְמְיָהוּ אִין תַּחְפַּנְחֵס אַזוֹי צוּ זָאגֶען׃ 9 נֶעם אִין דֵיינֶע הַאנְד גְרוֹיסֶע שְׁטֵיינֶער, אוּנְד דוּא זָאלְסְט זֵייא בֶּעהַאלְטֶען אִין לֵיים אִין דֶעם צִיגֶעלְאוֹיבֶען, וָואס אִיז בֵּייא דֶער טְהִיר פוּן דֶעם הוֹיז פוּן פַּרְעֹה אִין תַּחְפַּנְחֵס, פָאר דִיא אוֹיגֶען פוּן יוּדִישֶׁע לֵייט׃ 10 אוּנְד דוּא זָאלְסְט צוּ זֵייא זָאגֶען, אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר צְבָאוֹת, דֶער גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל, זֶעה, אִיךְ שִׁיק אוּנְד אִיךְ וֶועל נֶעמֶען נְבוּכַדְרֶאצַּר קֶענִיג פוּן בָּבֶל, מֵיין קְנֶעכְט, אוּנְד אִיךְ וֶועל זֵיין טְרוֹין־שְׁטוּהְל זֶעצֶען אִיבֶּער דִיא דָאזִיגֶע שְׁטֵיינֶער וָואס אִיךְ הָאבּ בֶּעהַאלְטֶען, אוּנְד עֶר וֶועט נֵייגֶען (אוֹיסְשְׁפְּרֵייטֶען) זֵיין שֶׁעהְן גֶעצֶעלְט (חֻפָּה) אִיבֶּער זֵייא׃ 11 אוּנְד עֶר וֶועט קוּמֶען אוּנְד וֶועט שְׁלָאגֶען דָאס לַאנְד מִצְרַיִם, דִיא וָואס זֶענֶען (בֶּעשְׁטִימְט) צוּ דֶעם טוֹיט זָאלֶען זֵיין צוּ דֶעם טוֹיט, אוּנְד דִיא וָואס זֶענֶען צוּ דֶעם גֶעפֶענְגְנִיס, זָאלֶען זֵיין צוּ דֶעם גֶעפֶענְגְנִיס, אוּנְד דִיא וָואס זֶענֶען צוּ דֶעם שְׁוֶוערְד, זָאלֶען זֵיין צוּ דֶעם שְׁוֶוערְד׃ 12 אוּנְד אִיךְ וֶועל אָנְצִינְדֶען אַ פֵייעֶר אִין דִיא הֵייזֶער פוּן דִיא גֶעטֶער פוּן מִצְרַיִם, אוּנְד עֶס וֶועט זֵייא פֶערְבְּרֶענֶען, אוּנְד עֶר וֶועט זֵייא פַאנְגֶען, אוּנְד עֶר וֶועט אֵיינְוִויקְלֶען דָאס לַאנְד מִצְרַיִם, אַזוֹי וִויא אַ פַּאסְטוּךְ וִויקֶעלְט זִיךְ אַיין מִיט זֵיין קְלֵייד, אוּנְד עֶר וֶועט פוּן דָארְטֶען אַרוֹיסְגֶעהְן מִיט שָׁלוֹם׃ 13 אוּנְד עֶר וֶועט צוּבְּרֶעכֶען דִיא זֵיילֶען פוּן בֵּית שֶׁמֶשׁ, וָואס זֶענֶען אִין דֶעם לַאנְד מִצְרַיִם, אוּנְד דִיא הֵייזֶער פוּן דִיא גֶעטֶער פוּן מִצְרַיִם וֶועט עֶר פֶערְבְּרֶענֶען מִיט פֵייעֶר׃

## קאפיטעל מד

1 דָאס אִיז דָאס וָוארְט וָואס אִיז גֶעוֶועזֶען צוּ יִרְמְיָהוּ אוּנְד צוּ אַלֶע יְהוּדִים וָואס זֶענֶען אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּען אִין דֶעם לַאנְד מִצְרַיִם, וָואס הָאבֶּען גֶעוְואוֹינְט אִין מִגְדוֹל אוּנְד אִין תַּחְפַּנְחֵס, אוּנְד אִין נוֹף, אוּנְד אִין דֶעם לַאנְד פַּתְרוֹס, אַזוֹי צוּ זָאגֶען׃ 2 אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר צְבָאוֹת, דֶער גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל, אִיהְר הָאט גֶעזֶעהֶען אַלֶעס דָאס שְׁלֶעכְטֶע וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעבְּרַאכְט אוֹיף יְרוּשָׁלַיִם, אוּנְד אוֹיף אַלֶע שְׁטֶעט פוּן יְהוּדָה; אוּנְד זֵייא זֶענֶען חָרוּב דֶעם דָאזִיגֶען טָאג, אוּנְד עֶס אִיז נִיט דָא אִין זֵייא קֵיין אֵיינְוְואוֹינֶער׃ 3 פוּן וֶועגֶען זֵייעֶרֶע שְׁלֶעכְטִיגְקֵייט וָואס זֵייא הָאבֶּען גֶעטְהוּן כְּדֵי מִיךְ צוּ דֶערְצָארְנֶען, צוּ גֶעהְן אוּנְד צוּ רֵייכֶערְן,

אונד

לַֽעֲבֹד לֵאלֹהִים אֲחֵרִים אֲשֶׁר לֹא יְדָעוּם הֵמָּה אַתֶּם
4 וַאֲבֹתֵיכֶם׃ וָאֶשְׁלַח אֲלֵיכֶם אֶת־כָּל־עֲבָדַי הַנְּבִיאִים הַשְׁכֵּים
וְשָׁלֹחַ לֵאמֹר אַל־נָא תַעֲשׂוּ אֵת דְּבַר־הַתֹּעֵבָה הַזֹּאת אֲשֶׁר
ה שָׂנֵאתִי׃ וְלֹא שָׁמְעוּ וְלֹא־הִטּוּ אֶת־אָזְנָם לָשׁוּב מֵרָעָתָם
6 לְבִלְתִּי קַטֵּר לֵאלֹהִים אֲחֵרִים׃ וַתִּתַּךְ חֲמָתִי וְאַפִּי וַתִּבְעַר
בְּעָרֵי יְהוּדָה וּבְחֻצוֹת יְרוּשָׁלִָם וַתִּהְיֶינָה לְחָרְבָּה לִשְׁמָמָה
7 כַּיּוֹם הַזֶּה׃ וְעַתָּה כֹּה־אָמַר יְהוָה אֱלֹהֵי צְבָאוֹת
אֱלֹהֵי יִשְׂרָאֵל לָמָה אַתֶּם עֹשִׂים רָעָה גְדוֹלָה אֶל־
נַפְשֹׁתֵכֶם לְהַכְרִית לָכֶם אִישׁ־וְאִשָּׁה עוֹלֵל וְיוֹנֵק מִתּוֹךְ
8 יְהוּדָה לְבִלְתִּי הוֹתִיר לָכֶם שְׁאֵרִית׃ לְהַכְעִסֵנִי בְּמַעֲשֵׂי
יְדֵיכֶם לְקַטֵּר לֵאלֹהִים אֲחֵרִים בְּאֶרֶץ מִצְרַיִם אֲשֶׁר־אַתֶּם
בָּאִים לָגוּר שָׁם לְמַעַן הַכְרִית לָכֶם וּלְמַעַן הֱיוֹתְכֶם
9 לִקְלָלָה וּלְחֶרְפָּה בְּכֹל גּוֹיֵי הָאָרֶץ׃ הַשְׁכַחְתֶּם אֶת־רָעוֹת
אֲבוֹתֵיכֶם וְאֶת־רָעוֹת ׀ מַלְכֵי יְהוּדָה וְאֵת רָעוֹת נָשָׁיו
וְאֵת רָעֹתֵכֶם וְאֵת רָעֹת נְשֵׁיכֶם אֲשֶׁר עָשׂוּ בְּאֶרֶץ יְהוּדָה
י וּבְחֻצוֹת יְרוּשָׁלִָם׃ לֹא דֻכְּאוּ עַד הַיּוֹם הַזֶּה וְלֹא יָרְאוּ
וְלֹא־הָלְכוּ בְתוֹרָתִי וּבְחֻקֹּתַי אֲשֶׁר־נָתַתִּי לִפְנֵיכֶם וְלִפְנֵי
11 אֲבוֹתֵיכֶם׃ לָכֵן כֹּה־אָמַר יְהוָה צְבָאוֹת אֱלֹהֵי
יִשְׂרָאֵל הִנְנִי שָׂם פָּנַי בָּכֶם לְרָעָה וּלְהַכְרִית אֶת־כָּל־יְהוּדָה׃
12 וְלָקַחְתִּי אֶת־שְׁאֵרִית יְהוּדָה אֲשֶׁר־שָׂמוּ פְנֵיהֶם לָבוֹא
אֶרֶץ־מִצְרַיִם לָגוּר שָׁם וְתַמּוּ כֹל בְּאֶרֶץ מִצְרַיִם יִפֹּלוּ
בַּחֶרֶב בָּרָעָב יִתַּמּוּ מִקָּטֹן וְעַד־גָּדוֹל בַּחֶרֶב וּבָרָעָב יָמֻתוּ
13 וְהָיוּ לְאָלָה לְשַׁמָּה וְלִקְלָלָה וּלְחֶרְפָּה׃ וּפָקַדְתִּי עַל־
הַיּוֹשְׁבִים בְּאֶרֶץ מִצְרַיִם כַּאֲשֶׁר פָּקַדְתִּי עַל־יְרוּשָׁלִָם
14 בַּחֶרֶב בָּרָעָב וּבַדָּבֶר׃ וְלֹא יִהְיֶה פָּלִיט וְשָׂרִיד לִשְׁאֵרִית
יְהוּדָה הַבָּאִים לָגוּר־שָׁם בְּאֶרֶץ מִצְרָיִם וְלָשׁוּב ׀ אֶרֶץ
יְהוּדָה אֲשֶׁר־הֵמָּה מְנַשְּׂאִים אֶת־נַפְשָׁם לָשׁוּב לָשֶׁבֶת שָׁם
טו כִּי לֹא־יָשׁוּבוּ כִּי אִם־פְּלֵטִים׃ וַיַּעֲנוּ אֶת־יִרְמְיָהוּ

אוּנְד דִינֶען פְרֶעמְדֶע אָפְּגֶעטֶער, פוּן
וֶועלְכֶע זַייא הָאבֶּען נִיט גֶעוְואוּסְט נִיט
אִיהְר אוּנְד נִיט אֵיירֶע עֶלְטֶערְן׃ 4 אוּנְד
אִיךְ הָאבּ צוּ אֵייךְ גֶעשִׁיקְט אַלֶע מֵיינֶע
קְנֶעכְט, דִיא נְבִיאִים, אַלֶע פְרִיה־מָארְגֶען
גֶעשִׁיקְט, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, אִיהְר זָאלְט
נִיט טְהוּן דִיא דָאזִיגֶע אוּמְוִויְרדִיגֶע זַאךְ
וָואס אִיךְ הָאבּ פֵיינְד׃ 5 .אוּנְד זַייא
הָאבֶּען נִיט גֶעהֶערְט, אוּנְד הָאבֶּען נִיט
גֶענֵייגְט זֵיירֶע אוֹירֶען אַז זַייא זָאלֶען
זִיךְ צוּרִיקְקֶעהְרֶען פוּן זֵיירֶע שְׁלֶעכְטִיגְ־
קֵייט, כְּדֵי נִיט צוּ רֵייכֶערְן צוּ פְרֶעמְדֶע
גֶעטֶער׃ 6 דְרוּם אִיז מֵיין צָארְן
אוּנְד מֵיין גְרִימְצָארְן אוֹיסְגֶעגָאסֶען גֶע־
וָוארֶען, אוּנְד עֶר הָאט גֶעבְּרֶענְט אִין דִיא
שְׁטֶעט פוּן יְהוּדָה, אוּנְד אִין דִיא גַאסֶען
פוּן יְרוּשָׁלַיִם, אוּנְד זַייא זֶענֶען גֶעוֶועזֶען
צוּ אַ צוּשְׁטֶערוּנְג אוּנְד צוּ אַ פֶערְ־
וִויסְטוּנְג אַזוֹי ווִיא אִין דֶעם דָאזִיגֶען
טָאג׃ 7 אוּנְד אַצוּנְד, אַזוֹי זָאגְט יְהוָֹה,
דֶער הַאר צְבָאוֹת, דֶער גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל,
וַוארוּם טְהוּט אִיהְר דָאס גְרוֹיסֶע שְׁלֶעכְטֶע
צוּ אֵיירֶע זֶעעלֶען, דָאס אִיהְר זָאלְט צוּ
אֵייךְ פֶערְשְׁנֵיידֶען אַ מַאן אוּנְד אַ פְרוֹיא,
אַ קִינְד אוּנְד אַ זֵייגֶעדִיג קִינְד פוּן צְוִוישֶׁען
יְהוּדָה, כְּדֵי נִיט אִיבֶּערְצוּלָאזֶען צוּ אֵייךְ אֵיין אִיבֶּערְבְּלַייבּוּנְג׃ 8 אַז אִיהְר זָאלְט מִיךְ
דֶערְצֶערְנֶען מִיט דִיא וֶוערְק פוּן אֵיירֶע הֶענְד, צוּ רֵייכֶערְן צוּ פְרֶעמְדֶע גֶעטֶער אִין
דֶעם לַאנְד מִצְרַיִם, אַווְאוּ אִיהְר זֶענְט אַהִינְגֶעקוּמֶען דָארְטֶען צוּ וְואוֹינֶען, כְּדֵי אֵייךְ צוּ
פֶערְשְׁנֵיידֶען, אוּנְד אַז אִיהְר זָאלְט וֶוערֶען צוּ אַ פְלוּךְ אוּנְד צוּ אַ שַׁאנְד, צְוִוישֶׁען אַלֶע
פֶעלְקֶער פוּן דֶער עֶרְד׃ 9 הָאט אִיהְר דֶען פֶערְגֶעסֶען דָאס שְׁלֶעכְטֶע פוּן אֵיירֶע עֶלְ־
טֶערְן, אוּנְד דָאס שְׁלֶעכְטֶע פוּן דִיא קֶענִיגֶע פוּן יְהוּדָה, אוּנְד דָאס שְׁלֶעכְטֶע פוּן זֵיינֶע
ווַייבֶּער, אוּנְד אֵיירֶע אֵייגֶענֶע שְׁלֶעכְטִיגְקֵייטֶען, אוּנְד דָאס שְׁלֶעכְטֶע פוּן אֵיירֶע ווַייבֶּער,
וָואס זַייא הָאבֶּען גֶעטְהוּן אִין דֶעם לַאנְד יְהוּדָה, אוּנְד אִין דִיא גַאסֶען פוּן יְרוּשָׁלַיִם?
10 אוּנְד זַייא זֶענֶען נִיט צוּשְׁטוֹיסֶען (אוּנְטֶערְטֶענִיג) גֶעוָוארֶען, בִּיז צוּ דֶעם הֵיינְטִיגֶען
טָאג, אוּנְד זַייא הָאבֶּען נִיט מוֹרָא גֶעהַאט, אוּנְד זַייא זֶענֶען נִיט גֶעגַאנְגֶען אִין מֵיינֶע
תּוֹרָה, אוּנְד אִין מֵיינֶע גֶעזֶעצֶע וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעגֶעבֶּען פָאר אֵייךְ אוּנְד פָאר אֵיירֶע
עֶלְטֶערְן׃ 11 דָארוּם, אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר צְבָאוֹת, דֶער גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל, זֶעה, אִיךְ
טְהוּא מֵיין פָּנִים קֶעגֶען אֵייךְ צוּם שְׁלֶעכְטֶען, אוּנְד צוּ פֶערְשְׁנֵיידֶען גַאנְץ יְהוּדָה׃
12 אוּנְד אִיךְ וֶועל גֶעמֶען דִיא אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּענֶע פוּן יְהוּדָה, וָואס זַייא הָאבֶּען גֶעטְהוּן
(גֶערִיכְטֶעט) זֵייעֶר פָּנִים צוּ קוּמֶען צוּ דֶעם לַאנְד מִצְרַיִם, כְּדֵי דָארְט צוּ וְואוֹינֶען, אוּנְד
אַלֶע וֶועלֶען פֶערְטִילְגְט וֶוערֶען פוּן דֶעם לַאנְד מִצְרַיִם, זַייא וֶועלֶען פַאלֶען דוּרְךְ דֶעם
שְׁוֶוערְד אוּנְד דוּרְךְ הוּנְגֶער, זַייא וֶועלֶען פֶערְטִילְגְט וֶוערֶען פוּן קְלֵיין בִּיז גְרוֹיס, דוּרְךְ
דֶעם שְׁוֶוערְד, אוּנְד דוּרְךְ הוּנְגֶער וֶועלֶען זַייא שְׁטַארְבֶּען, אוּנְד זַייא וֶועלֶען זֵיין צוּ אַ
פְלוּךְ, צוּ עֶרְשְׁטוֹינוּנְג (פֶערְוְואוּנְדֶערוּנְג), אוּנְד צוּ אַ קְלָלָה אוּנְד צוּ אַ שַׁאנְד׃ 13 אוּנְד
אִיךְ וֶועל בֶּעפֶעהְלֶען (שְׁטְרָאף בְּרֶענְגֶען) אוֹיף אַלֶע וָואס וְואוֹינֶען אִין מִצְרַיִם, אַזוֹי ווִיא
אִיךְ הָאבּ בֶּעפוֹילֶען (שְׁטְרָאף גֶעבְּרַאכְט) אוֹיף יְרוּשָׁלַיִם, דוּרְךְ דֶעם שְׁוֶוערְד, אוּנְד
דוּרְךְ הוּנְגֶער, אוּנְד דוּרְךְ פֶּעסְט׃ 14 אוּנְד עֶס וֶועט נִיט זֵיין אֵיין אַנְטְרִינֶעגֶער אוּנְד
אֵיין אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּענֶער צוּ דִיא אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּענֶע פוּן יְהוּדָה, וָואס קוּמֶען קֵיין מִצְרַיִם
דָארְט צוּ וְואוֹינֶען, אוּנְד כְּדֵי זִיךְ צוּרִיקְצוּקֶעהְרֶען צוּ דֶעם לַאנְד פוּן יְהוּדָה, אַווְאוּ זַייא
דֶערְהֶעבֶּען זֵיירֶע זֶעעלֶע זִיךְ צוּרִיקְצוּקֶעהְרֶען כְּדֵי דָארְט צוּ וְואוֹינֶען, וָוארִין זַייא וֶועלֶען
זִיךְ נִיט צוּרִיקְקֶעהְרֶען, נֵייעֶרְט אַנְטְרִינֶעגֶע׃ 15 אוּנְד זַייא הָאבֶּען יִרְמְיָהוּ גֶעעֶנְטְפֶערְט,

כָּל־הָאֲנָשִׁים הַיֹּדְעִים כִּי־מְקַטְּרוֹת נְשֵׁיהֶם לֵאלֹהִים
אֲחֵרִים וְכָל־הַנָּשִׁים הָעֹמְדוֹת קָהָל גָּדוֹל וְכָל־הָעָם
16 הַיֹּשְׁבִים בְּאֶרֶץ־מִצְרַיִם בְּפַתְרוֹס לֵאמֹר׃ הַדָּבָר אֲשֶׁר־
17 דִּבַּרְתָּ אֵלֵינוּ בְּשֵׁם יְהוָה אֵינֶנּוּ שֹׁמְעִים אֵלֶיךָ׃ כִּי עָשֹׂה
נַעֲשֶׂה אֶת־כָּל־הַדָּבָר ׀ אֲשֶׁר־יָצָא מִפִּינוּ לְקַטֵּר לִמְלֶכֶת
הַשָּׁמַיִם וְהַסֵּיךְ־לָהּ נְסָכִים כַּאֲשֶׁר עָשִׂינוּ אֲנַחְנוּ וַאֲבֹתֵינוּ
מְלָכֵינוּ וְשָׂרֵינוּ בְּעָרֵי יְהוּדָה וּבְחֻצוֹת יְרוּשָׁלָ͏ִם וַנִּשְׂבַּע־
18 לֶחֶם וַנִּהְיֶה טוֹבִים וְרָעָה לֹא רָאִינוּ׃ וּמִן־אָז חָדַלְנוּ
לְקַטֵּר לִמְלֶכֶת הַשָּׁמַיִם וְהַסֵּךְ־לָהּ נְסָכִים חָסַרְנוּ כֹל
19 וּבַחֶרֶב וּבָרָעָב תָּמְנוּ׃ וְכִי־אֲנַחְנוּ מְקַטְּרִים לִמְלֶכֶת
הַשָּׁמַיִם וּלְהַסֵּךְ לָהּ נְסָכִים הֲמִבַּלְעֲדֵי אֲנָשֵׁינוּ עָשִׂינוּ לָהּ
כ כַּוָּנִים לְהַעֲצִבָה וְהַסֵּךְ לָהּ נְסָכִים׃ וַיֹּאמֶר יִרְמְיָהוּ
אֶל־כָּל־הָעָם עַל־הַגְּבָרִים וְעַל־הַנָּשִׁים וְעַל־כָּל־הָעָם הָעֹנִים
21 אֹתוֹ דָּבָר לֵאמֹר׃ הֲלוֹא אֶת־הַקִּטֵּר אֲשֶׁר קִטַּרְתֶּם בְּעָרֵי
יְהוּדָה וּבְחֻצוֹת יְרוּשָׁלַ͏ִם אַתֶּם וַאֲבוֹתֵיכֶם מַלְכֵיכֶם וְשָׂרֵיכֶם
22 וְעַם הָאָרֶץ אֹתָם זָכַר יְהוָה וַתַּעֲלֶה עַל־לִבּוֹ׃ וְלֹא־יוּכַל
יְהוָה עוֹד לָשֵׂאת מִפְּנֵי רֹעַ מַעַלְלֵיכֶם מִפְּנֵי הַתּוֹעֵבֹת אֲשֶׁר
עֲשִׂיתֶם וַתְּהִי אַרְצְכֶם לְחָרְבָּה וּלְשַׁמָּה וְלִקְלָלָה מֵאֵין
23 יוֹשֵׁב כְּהַיּוֹם הַזֶּה׃ מִפְּנֵי אֲשֶׁר קִטַּרְתֶּם וַאֲשֶׁר חֲטָאתֶם
לַיהוָה וְלֹא שְׁמַעְתֶּם בְּקוֹל יְהוָה וּבְתֹרָתוֹ וּבְחֻקֹּתָיו
וּבְעֵדְוֹתָיו לֹא הֲלַכְתֶּם עַל־כֵּן קָרָאת אֶתְכֶם הָרָעָה הַזֹּאת
24 כַּיּוֹם הַזֶּה׃ וַיֹּאמֶר יִרְמְיָהוּ אֶל־כָּל־הָעָם וְאֶל כָּל־
הַנָּשִׁים שִׁמְעוּ דְּבַר־יְהוָה כָּל־יְהוּדָה אֲשֶׁר בְּאֶרֶץ מִצְרָיִם׃
כה כֹּה־אָמַר יְהוָה־צְבָאוֹת אֱלֹהֵי יִשְׂרָאֵל לֵאמֹר אַתֶּם
וּנְשֵׁיכֶם וַתְּדַבֵּרְנָה בְּפִיכֶם וּבִידֵיכֶם מִלֵּאתֶם ׀ לֵאמֹר עָשֹׂה
נַעֲשֶׂה אֶת־נְדָרֵינוּ אֲשֶׁר נָדַרְנוּ לְקַטֵּר לִמְלֶכֶת הַשָּׁמַיִם
וּלְהַסֵּךְ לָהּ נְסָכִים הָקֵים תָּקִימְנָה אֶת־נִדְרֵיכֶם וְעָשֹׂה

אַלֶע לַייט וָואס וִויסֶען דָאס זַייעֶרע וַוייבֶּער רֵייכֶערְן צוּ פְרֶעמְדֶע אָפְּגֶעטֶער אוּנְד אַלֶע וַוייבֶּער וָואס שְׁטֶעהֶען אִין אַ גְרוֹיסֶע פֶערְזַאמְלוּנְג, אוּנְד דָאס גַאנְצֶע פָאלְק, וָואס הָאט גֶעווָאוֹינְט אִין דֶעם לַאנְד מִצְרַיִם אִין פַּתְרוֹס, אַזוֹי צוּ זָאגֶען: 16 דָאס וָוארְט וָואס דוּא הָאסְט צוּ אוּנְס גֶערֶעט אִין דֶעם נָאמֶען פוּן דֶעם הַאר, וֶועלֶען מִיר נִיט צוּהֶערֶען צוּ דִיר: 17 נֵייעֶרְט מִיר וֶועלֶען גֶעווִיס טְהוּן אַלֶע וֶוערְטֶער, וָואס זֶענֶען אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען פוּן אוּנְזֶערֶע מֵיילֶער, צוּ רֵייכֶערְן צוּ דִיא קֶענִיגִין פוּן דֶעם הִימֶעל, אוּנְד צוּ אִיהְר טְרִינְק־אָפְּפֶער גִיסֶען, אַזוֹי וִויא מִיר הָאבֶּען גֶעטְהוּן, מִיר אוּנְד אוּנְזֶערֶע עֶלְטֶערְן, אוּנְזֶערֶע קֶענִיגֶע אוּנְד אוּנְזֶערֶע פִירְשְׁטֶען, אִין דִיא שְׁטֶעט פוּן יְהוּדָה אוּנְד אִין דִיא גַאסֶען פוּן יְרוּשָׁלַיִם, אוּנְד מִיר זֶענֶען (דַאמָאלְס) גֶעוֶועזֶען זַאט מִיט בְּרוֹיט, אוּנְד מִיר הָאבֶּען גֶעהַאט גוּטֶעס, אוּנְד מִיר הָאבֶּען נִיט גֶעזֶעהֶען קֵיין שְׁלֶעכְטֶעס: 18 אוּנְד פוּן דַאמָאלְס אָן, וֶוען מִיר הָאבֶּען פֶערְמִיטֶען צוּ רֵייכֶערְן צוּ דִיא קֶענִיגִין פוּן דֶעם הִימֶעל, אוּנְד מִיר הָאבֶּען נִיט צוּ אִיהְר גֶעגָאסֶען טְרִינְק־אָפְּפֶער, הָאט אוּנְס אַלֶעס גֶעפֶעהְלְט, אוּנְד דוּרְךְ דֶעם שְׁוֶוערְד אוּנְד הוּנְגֶער זֶענֶען מִיר פֶערְגַאנְגֶען: 19 אוּנְד וֶוען מִיר הָאבֶּען גֶערֵייכֶערְט צוּ דִיא קֶענִיגִין פוּן דֶעם הִימֶעל, אוּנְד מִיר הָאבֶּען צוּ אִיהְר גֶעגָאסֶען טְרִינְק־אָפְּפֶער, הָאבֶּען מִיר דֶען אָהְן אוּנְזֶערֶע מֶענֶער צוּ אִיהְר קוּכֶען גֶעמַאכְט, זִיא אָפְּצוּבִּילְדֶען אוּנְד צוּ אִיהְר צוּ גִיסֶען טְרִינְק־אָפְּפֶער? 20 אוּנְד יִרְמְיָהוּ הָאט גֶעזָאגְט צוּ דֶעם גַאנְצֶען פָאלְק, וֶוענֶען דִיא מֶענֶער אוּנְד וֶוענֶען דִיא וַוייבֶּער אוּנְד וֶוענֶען דֶעם גַאנְצֶען פָאלְק, וָואס הָאבֶּען אִיהְם דָאס וָוארְט גֶעעֶנְטְפֶערְט, אַזוֹי צוּ זָאגֶען: 21 אִיז עֶס דֶען נִיט גֶעוֶועזֶען דָאס רֵייכֶערְן וָואס אִיהְר הָאט גֶערֵייכֶערְט אִין דִיא שְׁטֶעט פוּן יְהוּדָה אוּנְד אִין דִיא גַאסֶען פוּן יְרוּשָׁלַיִם? אִיהְר אוּנְד אֵיירֶע עֶלְטֶערְן, אֵיירֶע קֶענִיגֶע אוּנְד אֵיירֶע הוֹיפְּט־לֵייט, אוּנְד דָאס פָאלְק פוּן דֶעם לַאנְד, דֶער הַאר הָאט אַן זֵייא גֶעדֶענְקְט אוּנְד עֶס אִיז אוֹיפְגֶעגַאנְגֶען אוֹיף זַיין הַארְץ? 22 אוּנְד דֶער הַאר הָאט נִיט מֶעהְר גֶעקֶענְט פֶערְטְרָאגֶען וֶועגֶען אֵיירֶע שְׁלֶעכְטֶע וֶוערְק, וֶועגֶען דִיא אוּמְזוֹירְדִיגְקֵייטֶען וָואס אִיהְר הָאט גֶעטְהוּן, דָארוּם אִיז אֵייעֶר לַאנְד גֶעוָוארֶען צוּ אַ צוּשְׁטֶערוּנְג אוּנְד צוּ אַ וְואוּנְדֶער, אוּנְד צוּ אַ קְלָלָה, אָהְן אֵיינְוואוֹינֶער, אַזוֹי וִויא דֶעם הֵיינְטִיגֶען טָאג: 23 וֶועגֶען דֶעם וָואס אִיהְר הָאט גֶערֵייכֶערְט, אוּנְד וָואס אִיהְר הָאט גֶעזִינְדִיגְט קֶעגֶען דֶעם הַאר, אוּנְד אִיהְר הָאט נִיט צוּגֶעהֶערְט צוּ דֶעם קוֹל פוּן דֶעם הַאר, אוּנְד אִין זַיינֶע תּוֹרָה אוּנְד אִין זַיינֶע גֶעזֶעץ אוּנְד אִין זַיין צֵייגְנִיס זֶענְט אִיהְר נִיט גֶעגַאנְגֶען, דָארוּם הָאט אֵייךְ דָאס דָאזִיגֶע שְׁלֶעכְטֶע גֶעטְרָאפֶען, וִויא דֶעם הֵיינְטִיגֶען טָאג: 24 אוּנְד יִרְמְיָהוּ הָאט גֶעזָאגְט צוּ דֶעם גַאנְצֶען פָאלְק, אוּנְד צוּ אַלֶע וַוייבֶּער, הֶערְט צוּ דָאס וָוארְט פוּן דֶעם הַאר, גַאנְץ יְהוּדָה וָואס אִיהְר זֶענְט אִין דֶעם לַאנְד מִצְרַיִם: 25 אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר צְבָאוֹת, דֶער גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, אִיהְר אוּנְד אֵיירֶע וַוייבֶּער, וָואס אִיהְר הָאט גֶערֶעט מִיט אֵייעֶר מוֹיל, אוּנְד מִיט אֵיירֶע הֶענְד הָאט אִיהְר דֶערְפִילְט, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, מִיר וֶועלֶען גֶעווִיס אוּנְזֶער נֶדֶר טְהוּן, וָואס מִיר הָאבֶּען אַ נֶדֶר גֶעטְהוּן, צוּ רֵייכֶערְן צוּ דֶער קֶענִיגִין פוּן דֶעם הִימֶעל, אוּנְד צוּ אִיהְר גִיסוּנְגֶען (טְרַאנְק־אָפְּפֶער) צוּ גִיסֶען, אַזוֹי דָאס אִיהְר וֶועט דוּרְכְאוֹיס אֵיירֶע נְדָרִים בֶּעשְׁטֶעטִיגֶען,

אוּנְד אִיהר װעט גֶעװִיס אֵייעֶרע נְדָרִים
טְהוּן: 26 דַארוּם, הֶערְט דָאס װָארְט
פוּן דֶעם הַאר, גַאנְץ יְהוּדָה, װָאס
װאוֹינֶען אִין דֶעם לַאנְד מִצְרַיִם, זֶעה,
אִיךְ הָאבּ גֶעשְׁװאוֹירֶען בַּייא מֵיין גְרוֹי־
סֶען נָאמֶען, זָאגְט דֶער הַאר, אוֹיבּ מֵיין
נָאמֶען װעט נָאךְ זַיין גֶערוּפֶען אִין
דֶעם מוֹיל פוּן אִיטְלִיכֶען מַאן פוּן יְהוּדָה,
װָאס זָאל זָאגֶען, אִין דֶעם גַאנְצֶען לַאנְד
מִצְרַיִם, אַזוֹי װָאהר װִיא דֶער הַאר גָאט
לֶעבְּט: 27 זֶעה, אִיךְ װַאךְ אוֹיף זֵייא
צוּם שְׁלֶעכְטֶען אוּנְד נִיט צוּם גוּטֶען,
אוּנְד עֶס װֶעלֶען פֶערְטִילְגְט װֶערֶען אַלֶע
מֶענֶער פוּן יְהוּדָה, װָאס זֶענֶען אִין דֶעם
לַאנְד מִצְרַיִם, דוּרְךְ דָאס שְׁװֶערְד אוּנְד
דוּרְךְ דֶעם הוּנְגֶער, בִּיז זֵייא װֶעלֶען זַיין
אִין גַאנְצֶען פֶערְלֶענְט: 28 אוּנְד דִיא
אַנְטְרִינֶענֶע פוּן דֶעם שְׁװֶערְד, װֶעלֶען זִיךְ
אוּמְקֶעהְרֶען פוּן דֶעם לַאנְד מִצְרַיִם, צוּ
דֶעם לַאנְד יְהוּדָה, װֶענִיג מֶענְשֶׁען אִין
דֶער צָאהְל, אַזוֹי װֶעלֶען אַלֶע אִיבֶּער־
גֶעבְּלִיבֶּענֶע פוּן יְהוּדָה װִיסֶען, דִיא װָאס
זֶענֶען גֶעקוּמֶען צוּ דֶעם לַאנְד מִצְרַיִם,
כְּדֵי דָארְט צוּ װאוֹינֶען, װֶעמֶעס װָארְט
װעט בֶּעשְׁטֶעטִיגְט זַיין, דָאס װָאס אִיז
פוּן מִיר, אָדֶער פוּן זֵייא: 29 אוּנְד דָאס װעט צוּ אֵייךְ זַיין דֶער צֵייכֶען, זָאגְט דֶער
הַאר, דָאס אִיךְ װֶעל אֵייךְ בֶּעשְׁטְרָאפֶען אִין דֶעם דָאזִיגֶען אָרְט, דָאס אִיהְר זָאלְט
װִיסֶען, דָאס מֵיינֶע װֶערְטֶער װֶעלֶען גֶעװִיס בֶּעשְׁטֶעטִיגְט װֶערֶען אוֹיף אֵייךְ צוּם
שְׁלֶעכְטֶען: 30 אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר, זֶעה, אִיךְ גֶעבּ אִיבֶּער פַּרְעֹה חָפְרַע, קֶענִיג פוּן
מִצְרַיִם, אִין דֶער הַאנְד פוּן זַיינֶע פֵיינְד, אוּנְד אִין דֶער הַאנְד פוּן דִיא װָאס בֶּעגֶעהְרֶען
זַיינֶע זֶעעֶלֶע, אַזוֹי װִיא אִיךְ הָאבּ אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען צִדְקִיָּהוּ, קֶענִיג פוּן יְהוּדָה, אִין דִיא
הַאנְד פוּן נְבוּכַדְרֶאצַר, קֶענִיג פוּן בָּבֶל, זַיין פֵיינְד, אוּנְד װָאס עֶר הָאט בֶּעגֶעהְרְט
זַיינֶע זֶעעֶלֶע:

## קאפיטעל מה

1 דָאס אִיז דָאס װָארְט, װָאס יִרְמְיָהוּ הַנָּבִיא, הָאט גֶערֶעט צוּ בָּרוּךְ, זוּהְן פוּן
נֵרִיָּה, װֶען עֶר הָאט גֶעשְׁרִיבֶּען דִיא דָאזִיגֶע װֶערְטֶער אִין אַ בּוּךְ, פוּן דֶעם מוֹיל
פוּן יִרְמְיָהוּ, אִין דֶעם פִירְטֶען יָאהר פוּן יְהוֹיָקִים, זוּהְן פוּן יֹאשִׁיָּהוּ, קֶענִיג פוּן
יְהוּדָה, אַזוֹי צוּ זָאגֶען: 2 אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר, דֶער גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל, צוּ דִיר
בָּרוּךְ! 3 דוּא הָאסְט גֶעזָאגְט, אוֹי װֶעה אִיז מִיר! װָארִין דֶער הַאר הָאט פֶערְ־
מֶעהְרְט טְרוֹירִיגְקֵייט אוֹיף מֵיין שְׁמֶערְץ, אִיךְ בִּין מִיד גֶעװָארֶען אִין מֵיין זִיפְצֶען,
אוּנְד אִיךְ הָאבּ קֵיינֶע רוּהֶע (מְנוּחָה) גֶעפוּנֶען: 4 אַזוֹי זָאלְסְט דוּא צוּ אִיהְם
זָאגֶען, אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר, זֶעה, דָאס װָאס אִיךְ הָאבּ גֶעבּוֹיט צוּשְׁטֶער אִיךְ,
אוּנְד דָאס װָאס אִיךְ הָאבּ גֶעפְלַאנְצְט רֵייס אִיךְ אוֹיס, װָארִין דָאס גַאנְצֶע לַאנְד
אִיז מֵיין: 5 אוּנְד זוּכְסְט דוּא דִיר גְרוֹיסֶע זַאכֶען? דוּא זָאלְסְט עֶס נִיט זוּכֶען,
װָארִין זֶעה, אִיךְ בְּרֶענְג שְׁלֶעכְטֶעס אוֹיף אַלֶע לֵייבֶּער, זָאגְט דֶער הַאר, אָבֶּער
אִיךְ װֶעל דִיר גֶעבֶּען דֵיינֶע זֶעעֶלֶע צוּ רוֹיבּ, אִין אַלֶע עֶרְטֶער װְאוּ אַהִין דוּא
װֶעסְט גֶעהְן:

## קאפיטעל מו

1 דָאס אִיז דָאס װָארְט פוּן דֶעם הַאר, װָאס אִיז גֶעװֶעזֶען צוּ יִרְמְיָהוּ הַנָּבִיא, װֶעגֶען אַלֶע

פעלקער

תְּעֲשֶׂינָה אֶת־נִדְרֵיכֶם׃ לָכֵן שִׁמְעוּ דְבַר־יְהוָה כָּל־יְהוּדָה 26
הַיֹּשְׁבִים בְּאֶרֶץ מִצְרָיִם הִנְנִי נִשְׁבַּעְתִּי בִּשְׁמִי הַגָּדוֹל אָמַר
יְהוָה אִם־יִהְיֶה עוֹד שְׁמִי נִקְרָא ׀ בְּפִי ׀ כָּל־אִישׁ יְהוּדָה
אֹמֵר חַי־אֲדֹנָי יְהוִה בְּכָל־אֶרֶץ מִצְרָיִם׃ הִנְנִי שֹׁקֵד עֲלֵיהֶם 27
לְרָעָה וְלֹא לְטוֹבָה וְתַמּוּ כָל־אִישׁ יְהוּדָה אֲשֶׁר בְּאֶרֶץ
מִצְרַיִם בַּחֶרֶב וּבָרָעָב עַד־כְּלוֹתָם׃ וּפְלִיטֵי חֶרֶב יְשֻׁבוּן 28
מִן־אֶרֶץ מִצְרַיִם אֶרֶץ יְהוּדָה מְתֵי מִסְפָּר וְיָדְעוּ כָּל־שְׁאֵרִית
יְהוּדָה הַבָּאִים לְאֶרֶץ־מִצְרַיִם לָגוּר שָׁם דְּבַר־מִי יָקוּם
מִמֶּנִּי וּמֵהֶם׃ וְזֹאת לָכֶם הָאוֹת נְאֻם־יְהוָה כִּי־פֹקֵד אֲנִי 29
עֲלֵיכֶם בַּמָּקוֹם הַזֶּה לְמַעַן תֵּדְעוּ כִּי קוֹם יָקוּמוּ דְבָרַי
עֲלֵיכֶם לְרָעָה׃ כֹּה ׀ אָמַר יְהוָה הִנְנִי נֹתֵן אֶת־פַּרְעֹה ל
חָפְרַע מֶלֶךְ־מִצְרַיִם בְּיַד אֹיְבָיו וּבְיַד מְבַקְשֵׁי נַפְשׁוֹ כַּאֲשֶׁר
נָתַתִּי אֶת־צִדְקִיָּהוּ מֶלֶךְ־יְהוּדָה בְּיַד נְבוּכַדְרֶאצַּר מֶלֶךְ־
בָּבֶל אֹיְבוֹ וּמְבַקֵּשׁ נַפְשׁוֹ׃

## מה

הַדָּבָר אֲשֶׁר דִּבֶּר יִרְמְיָהוּ הַנָּבִיא אֶל־בָּרוּךְ בֶּן־נֵרִיָּה א
בְּכָתְבוֹ אֶת־הַדְּבָרִים הָאֵלֶּה עַל־סֵפֶר מִפִּי יִרְמְיָהוּ בַּשָּׁנָה
הָרְבִעִית לִיהוֹיָקִים בֶּן־יֹאשִׁיָּהוּ מֶלֶךְ יְהוּדָה לֵאמֹר׃ כֹּה־ 2
אָמַר יְהוָה אֱלֹהֵי יִשְׂרָאֵל עָלֶיךָ בָּרוּךְ׃ אָמַרְתָּ אוֹי־נָא לִי 3
כִּי־יָסַף יְהוָה יָגוֹן עַל־מַכְאֹבִי יָגַעְתִּי בְּאַנְחָתִי וּמְנוּחָה לֹא
מָצָאתִי׃ כֹּה ׀ תֹּאמַר אֵלָיו כֹּה אָמַר יְהוָה הִנֵּה אֲשֶׁר־ 4
בָּנִיתִי אֲנִי הֹרֵס וְאֵת אֲשֶׁר־נָטַעְתִּי אֲנִי נֹתֵשׁ וְאֶת־כָּל־הָאָרֶץ
לִי־הִיא׃ וְאַתָּה תְּבַקֶּשׁ־לְךָ גְדֹלוֹת אַל־תְּבַקֵּשׁ כִּי הִנְנִי מֵבִיא ה
רָעָה עַל־כָּל־בָּשָׂר נְאֻם יְהוָה וְנָתַתִּי לְךָ אֶת־נַפְשְׁךָ לְשָׁלָל
עַל כָּל־הַמְּקֹמוֹת אֲשֶׁר תֵּלֶךְ־שָׁם׃

## מו

אֲשֶׁר הָיָה דְבַר־יְהוָה אֶל־יִרְמְיָהוּ הַנָּבִיא עַל־הַגּוֹיִם׃ א

2 לְמִצְרַיִם עַל־חֵיל פַּרְעֹה נְכוֹ מֶלֶךְ מִצְרַיִם אֲשֶׁר־הָיָה עַל־
נְהַר־פְּרָת בְּכַרְכְּמִשׁ אֲשֶׁר הִכָּה נְבוּכַדְרֶאצַּר מֶלֶךְ בָּבֶל
3 בִּשְׁנַת הָרְבִיעִית לִיהוֹיָקִים בֶּן־יֹאשִׁיָּהוּ מֶלֶךְ יְהוּדָה׃ עִרְכוּ
4 מָגֵן וְצִנָּה וּגְשׁוּ לַמִּלְחָמָה׃ אִסְרוּ הַסּוּסִים וַעֲלוּ הַפָּרָשִׁים
ה וְהִתְיַצְּבוּ בְּכוֹבָעִים מִרְקוּ הָרְמָחִים לִבְשׁוּ הַסִּרְיֹנֹת׃ מַדּוּעַ
רָאִיתִי הֵמָּה חַתִּים נְסֹגִים אָחוֹר וְגִבּוֹרֵיהֶם יֻכַּתּוּ וּמָנוֹס
6 נָסוּ וְלֹא הִפְנוּ מָגוֹר מִסָּבִיב נְאֻם־יְהוָה׃ אַל־יָנוּס הַקַּל
וְאַל־יִמָּלֵט הַגִּבּוֹר צָפוֹנָה עַל־יַד נְהַר־פְּרָת כָּשְׁלוּ וְנָפָלוּ׃
7 8 מִי־זֶה כַּיְאֹר יַעֲלֶה כַּנְּהָרוֹת יִתְגָּעֲשׁוּ מֵימָיו׃ מִצְרַיִם כַּיְאֹר
יַעֲלֶה וְכַנְּהָרוֹת יִתְגֹּעֲשׁוּ מָיִם וַיֹּאמֶר אַעֲלֶה אֲכַסֶּה־אֶרֶץ
9 אֹבִידָה עִיר וְיֹשְׁבֵי בָהּ׃ עֲלוּ הַסּוּסִים וְהִתְהֹלְלוּ הָרֶכֶב
וְיֵצְאוּ הַגִּבּוֹרִים כּוּשׁ וּפוּט תֹּפְשֵׂי מָגֵן וְלוּדִים תֹּפְשֵׂי דֹּרְכֵי
י קָשֶׁת׃ וְהַיּוֹם הַהוּא לַאדֹנָי יְהוִה צְבָאוֹת יוֹם נְקָמָה לְהִנָּקֵם
מִצָּרָיו וְאָכְלָה חֶרֶב וְשָׂבְעָה וְרָוְתָה מִדָּמָם כִּי זֶבַח לַאדֹנָי
11 יְהוִה צְבָאוֹת בְּאֶרֶץ צָפוֹן אֶל־נְהַר־פְּרָת׃ עֲלִי גִלְעָד וּקְחִי
צֳרִי בְּתוּלַת בַּת־מִצְרָיִם לַשָּׁוְא הִרְבֵּיתִי רְפֻאוֹת תְּעָלָה אֵין
12 לָךְ׃ שָׁמְעוּ גוֹיִם קְלוֹנֵךְ וְצִוְחָתֵךְ מָלְאָה הָאָרֶץ כִּי־גִבּוֹר
13 בְּגִבּוֹר כָּשָׁלוּ יַחְדָּיו נָפְלוּ שְׁנֵיהֶם׃ הַדָּבָר אֲשֶׁר דִּבֶּר
יְהוָה אֶל־יִרְמְיָהוּ הַנָּבִיא לָבוֹא נְבוּכַדְרֶאצַּר מֶלֶךְ בָּבֶל
14 לְהַכּוֹת אֶת־אֶרֶץ מִצְרָיִם׃ הַגִּידוּ בְמִצְרַיִם וְהַשְׁמִיעוּ
בְמִגְדּוֹל וְהַשְׁמִיעוּ בְנֹף וּבְתַחְפַּנְחֵס אִמְרוּ הִתְיַצֵּב וְהָכֵן
טו לָךְ כִּי־אָכְלָה חֶרֶב סְבִיבֶיךָ׃ מַדּוּעַ נִסְחַף אַבִּירֶיךָ לֹא
עָמַד כִּי יְהוָה הֲדָפוֹ׃ הִרְבָּה כּוֹשֵׁל גַּם־נָפַל אִישׁ אֶל־רֵעֵהוּ
16 וַיֹּאמְרוּ קוּמָה ׀ וְנָשֻׁבָה אֶל־עַמֵּנוּ וְאֶל־אֶרֶץ מוֹלַדְתֵּנוּ מִפְּנֵי
17 חֶרֶב הַיּוֹנָה׃ קָרְאוּ שָׁם פַּרְעֹה מֶלֶךְ־מִצְרַיִם שָׁאוֹן הֶעֱבִיר
18 הַמּוֹעֵד׃ חַי־אָנִי נְאֻם־הַמֶּלֶךְ יְהוָה צְבָאוֹת שְׁמוֹ כִּי כְּתָבוֹר
19 בֶּהָרִים וּכְכַרְמֶל בַּיָּם יָבוֹא׃ כְּלֵי גוֹלָה עֲשִׂי לָךְ יוֹשֶׁבֶת

פעלקער: 2 אויף מצרים, אויף דעם חיל פון פרעה נכו, קעניג פון מצרים, וואס איז געוועזען בייא דעם טייך פרת, בייא כרכמיש, וואס נבוכדראצר, קעניג פון בבל האט געשלאגען אין דעם פירטען יאהר פון יהויקים, זוהן פון יאשיהו, קעניג פון יהודה: 3 בערייט צו פאנצער, אונד שילדען, אונד גענעהנט צו דער מלחמה: 4 שפאנט איין דיא פערד, אונד געהט ארויף אויף דיא רייטוועגען, אונד שטעלט אייך אנידער מיט דיא העלמען (אזאלכע מיצען) פיצט אויס דיא שפיזען, אונד טהוט אן דיא פאנצער: 5 ווארום האב איך געזעהען דאס זייא האבען שרעק, דאס זייא קעהרען זיך צוריק הינטער זיך, אונד זיירע שטארקע זענען צושטויסען, אונד זייא אנטלויפען געשווינד אונד קעהרען זיך ניט אום פאר דיא שרעק וואס איז פון רינגס ארום, זאגט דער האר: 6 דער גרינגער (פלינקער) וועט ניט אנטלויפען, אונד דער שטארקער וועט ניט אנטרונען ווערען, צו צפון־זייט בייא דעם טייך פרת וועלען זייא זיך שטרויכלען אונד וועלען פאלען: 7 ווער איז דער, וואס געהט ארויף וויא דער טייך, וויא דיא שטרוימען רוישען זיינע וואסערן? 8 מצרים געהט ארויף וויא א טייך (נילוס), אונד וויא דיא שטרוימען רוישען (זיינע) וואסערן, אונד ער האט געזאגט, איך וועל ארויפגעהן, אונד איך וועל בעדעקען דיא ערד, איך וועל פערטילגען דיא שטאט אונד דיא איינוואוינער וואס זענען אין איהר: 9 געהט ארויף אויף דיא פערד, אונד טוימעלט איהר רייטוועגען, אונד לאזען דיא שטארקע ארויסגעהן, כוש אונד פוט וואס האלטען דעם פאנצער, אונד דיא לודים וואס האלטען אונד טרעטען (שפאנען) דעם בויגען: 10 ווארין יענער טאג איז פאר דעם האר, גאט צבאות, א טאג פון נקמה, נקמה צו נעמען פון זיינע פיינד, אונד דאס שווערד וועט זייא אויפעסען אונד וועט זיך זעטיגען אונד אנטרינקען פון זייער בלוט, ווארין עס איז א שלאכטונג פאר דעם האר, גאט צבאות, אין דעם לאנד פון צפון־זייט, בייא דעם טייך פרת: 11 געה ארויף קיין גלעד, אונד נעם באלזאם, דוא יונגפרויא, טאכטער פון מצרים, אומזיסט (בחנם) האסט דוא דיר פערמעהרט רפואות (היילמיטעל), דוא האסט קיין מיטעל פאר דיר: 12 פעלקער האבען געהערט פון דיינע שאנד, אונד דיין געשרייא האט פול געמאכט דיא ערד, ווארין א שטארקער האט זיך געשטרויכעלט אן דעם אנדערן שטארקען, זייא זענען ביידע צוזאמען געפאלען: 13 דאס איז דאס ווארט וואס דער האר האט גערעדט, צו ירמיהו הנביא, וועגען דעם קומען פון נבוכדראצר, קעניג פון בבל, דאס לאנד מצרים צו שלאגען: 14 זאגט עס אן אין מצרים, אונד מאכט עס הערען אין מגדול, אונד מאכט עס הערען אין נוף אונד אין תחפנחס, זאגט, שטעל דיך אונד בערייט דיך צו, ווארין דאס שווערד האט אויפגעגעסען אלעס וואס איז ארום דיר: 15 פארוואס איז דיין שטארקער אוועקגעשלעפט געווארען? ער האט ניט געקענט שטעהן, ווארין דער האר האט איהם אוועקגעשטויסען: 16 ער האט פערמעהרט געשטרויכעלטע, אויך פאלט איטליכער מענש אויף זיין פריינד (חבר) אונד זייא זאגען, שטעה אויף! אונד לאזען מיר זיך צוריקקעהרען צו אונזער פאלק, אונד צו דעם לאנד פון אונזערע געבורט, פאר דעם בעדריקענדען שווערד: 17 מען רופט דארטען אויס, פרעה, קעניג פון מצרים, דער וואס האט געמאכט א גערויש, ער האט געלאזט פערבייא געהן דיא בעשטימטע צייט: 18 אזוי וואהר וויא איך לעב, זאגט דער קעניג, דער האר צבאות איז זיין נאמען; דאס אזוי וויא תבור איז צווישען דיא בערג, אונד אזוי וויא כרמל בייא דעם ים וועט ער קומען: 19 מאך דיר כלים צו פערטרייבונג, דוא איינוואוינערין

טָאכְטֶער פוּן מִצְרַיִם, וָוארִין נֹף וֶועט זַיין פֶערְווִיסְט, אוּנְד צוּשְׁטוֹיסֶען אָהְן אֵיינְוְואוֹינֶער: 20 אַ שֶׁעהְנֶעם קַאלְבּ אִיז מִצְרַיִם, אָבֶּער אַ פֶערְשְׁנֵיידוּנְג אִיז פוּן צָפוֹן־זַייט גֶעקוּמֶען, יָא עֶס אִיז גֶעווִיס גֶעקוּמֶען: 21 אוֹיךְ אִיהְרֶע גֶעדוּנְגֶענֶע צְווִישֶׁען אִיהְר, זֶענֶען ווִיא גֶעשְׁטָאפְּטֶע קֶעלְבֶּער, וָוארִין זַייא הָאבֶּען זִיךְ אוֹיךְ גֶעקֶעהְרְט אוּנְד אַנְטְלָאפֶען צוּזַאמֶען, זַייא זֶענֶען נִיט שְׁטֶעהְן גֶעבְּלִיבֶּען, וָוארִין דֶער טָאג פוּן זַייעֶר בְּרָאךְ אִיז אוֹיף זַייא גֶעקוּמֶען, דִיא צַייט פוּן זַייעֶרֶע בֶּעשְׁטְרָאפוּנְג: 22 אִיהְר קוֹל גֶעהְט ווִיא פוּן אַ שְׁלַאנְג, וָוארִין מִיט מַאכְט גֶעהֶען זַייא, אוּנְד מִיט הֶעק זֶענֶען זַייא צוּ אִיהְר גֶעקוּמֶען ווִיא הָאלְץ־הַאקֶערְם: 23 זַייא הָאבֶּען אָפְּגֶעשְׁנִיטֶען אִיהְר וַואלְד, זָאגְט דֶער הַאר, חָאטְשֶׁע עֶר אִיז נִיט אוֹיסְצוּפָארְשֶׁען, חָאטְשֶׁע זַייא (דִיא בַּיימֶער) זֶענֶען מֶעהְר ווִיא דִיא הֵיישֶׁערִיקֶען, אוּנְד זַייא הָאבֶּען נִיט גֶעהַאט קֵיינֶע צָאהְל: 24 דִיא טָאכְטֶער פוּן מִצְרַיִם אִיז פֶערְשֶׁעמְט, זִיא אִיז אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען גֶעוָוארֶען אִין דִיא הַאנְד פוּן דֶעם פָאלְק פוּן צָפוֹן־זַייט: 25 דֶער הַאר צְבָאוֹת, דֶער גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל הָאט גֶעזָאגְט, זֶעה, אִיךְ בֶּעשְׁטְרָאף אוֹיף אָמוֹן פוּן נֹא, אוּנְד אוֹיף פַּרְעֹה, אוּנְד אוֹיף מִצְרַיִם, אוּנְד אוֹיף אִיהְרֶע גֶעטֶער, אוּנְד אוֹיף אִיהְרֶע קֶענִיגֶע, אוּנְד אוֹיף פַּרְעֹה אוּנְד אוֹיף דִיא וָואס פֶערְזִיכֶערְן זִיךְ אִין אִיהְם: 26 אוּנְד אִיךְ וֶועל זַייא אִיבֶּערְגֶעבֶּען אִין דִיא הַאנְד פוּן דִיא וָואס בֶּעגֶעהְרֶען זַייעֶרֶע זֶעלֶע, אוּנְד אִין דִיא הַאנְד פוּן נְבוּכַדְרֶאצַר, קֶענִיג פוּן בָּבֶל, אוּנְד אִין דִיא הַאנְד פוּן זַיינֶע קְנֶעכְט, אוּנְד דֶערְנָאךְ וֶועט זִיא בֶּעווְאוֹינְט וֶוערֶען ווִיא אִין דִיא טֶעג פוּן פָארְצַייטֶענְס, זָאגְט דֶער הַאר: 27 אָבֶּער דוּא, הָאבּ קֵיין מוֹרָא מֵיין קְנֶעכְט יַעֲקֹב, אוּנְד שְׁרֶעק דִיךְ נִיט דוּא יִשְׂרָאֵל! וָוארִין זֶעה, אִיךְ וֶועל דִיר הֶעלְפֶען פוּן דֶער ווַייטֶען אוּנְד דַיינֶע קִינְדֶער פוּן דֶעם לַאנְד פוּן זַייעֶר גֶעפֶענְגְנִיס, אוּנְד יַעֲקֹב וֶועט צוּרִיקְקֶעהְרֶען, אוּנְד עֶר וֶועט שְׁטִיל אוּנְד רוּהִיג זַיין, אוּנְד קֵיינֶער וֶועט אִיהְם נִיט דֶערְשְׁרֶעקֶען: 28 דוּא זָאלְסְט קֵיין מוֹרָא הָאבֶּען, מֵיין קְנֶעכְט יַעֲקֹב, זָאגְט דֶער הַאר, וָוארִין אִיךְ בִּין מִיט דִיר, ווֶען אִיךְ וֶועל מַאכֶען אֵיין עֶנְד פוּן אַלֶע פֶעלְקֶער, וָואס אִיךְ הָאבּ דִיךְ דָארְטֶען פֶערְשְׁטוֹיסֶען, אָבֶּער פוּן דִיר וֶועל אִיךְ נִיט מַאכֶען קֵיין עֶנְד, נֵייעֶרְט אִיךְ וֶועל דִיךְ שְׁטְרָאפֶען נָאךְ דֶעם מִשְׁפָּט (רֶעכְט), אָבֶּער אוּנְבֶּעשְׁטְרָאפְט וֶועל אִיךְ דִיךְ נִיט לָאזֶען:

קאפיטעל מז

1 דָאס אִיז דָאס וָוארְט פוּן דֶעם הַאר וָואס אִיז גֶעוֶועזֶען צוּ יִרְמְיָהוּ הַנָּבִיא, וֶועגֶען דִיא פְּלִשְׁתִּים, אֵיידֶער פַּרְעֹה הָאט גֶעשְׁלָאגֶען עַזָּה: 2 אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר, זֶעה, וַואסֶער גֶעהְט אַרוֹיף פוּן צָפוֹן־זַייט, אוּנְד זַייא וֶועלֶען זַיין צוּ אַ פֶערְפְלֵייצְטֶען טַייךְ, אוּנְד זַייא וֶועלֶען פֶערְפְלֵייצֶען דָאס לַאנְד אוּנְד אִיהְרֶע פוּלְקַייט, דִיא שְׁטָאט אוּנְד דִיא וָואס ווְאוֹינֶען אִין אִיהְר, אוּנְד דִיא מֶענְשֶׁען וֶועלֶען שְׁרֵייעֶן, אוּנְד אַלֶע אֵיינְווְאוֹינֶער פוּן דֶעם לַאנְד וֶועלֶען קְלָאגֶען: 3 פוּן דֶעם גֶעשְׁרֵייא פוּן דֶעם טְרֶעטוּנְג פוּן דִיא קְלוֹיעֶן (טְרִיט) פוּן זַיינֶע שְׁטַארְקֶע (פֶערְד), פוּן דֶעם גֶערוֹישׁ פוּן זַיינֶע רֵייטֶער, פוּן דֶער בְּרוּמוּנְג פוּן זַיינֶע רֶעדֶער, דִיא עֶלְטֶערְן קֶעהְרֶען זִיךְ נִיט צוּ דִיא קִינְדֶער (צוּ הֶעלְפֶען) וֶועגֶען דֶער שְׁלַאפְקַייט פוּן דִיא הֶענְד: 4 וֶועגֶען דֶעם טָאג, וָואס קוּמְט, צוּ פֶערְטִילְגֶען אַלֶע פְּלִשְׁתִּים, צוּ פֶערְשְׁנֵיידֶען צוֹר אוּנְד צִדוֹן, אוּנְד אִיטְלִיכֶען אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּענֶעם הֶעלְפֶער, וָוארִין דֶער הַאר פֶערְטִילִיגְט דִיא פְּלִשְׁתִּים, דִיא אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּענֶע פוּן דֶער אִינְזֶעל כַּפְתּוֹר: 5 עֶס אִיז גֶעקוּמֶען אֵיינֶע אוֹיסְפְּלִיקוּנְג אוֹיף עַזָּה, אַשְׁקְלוֹן אִיז שְׁטוּם גֶעוָוארֶען, (אוֹיךְ) דִיא אִיבֶּערְבְּלֵייבּוּנְג פוּן זַייעֶר טִיפֶען לַאנְד; בִּיז ווִיא לַאנְג

בַּת־מִצְרָיִם כִּי־נֹף לְשַׁמָּה תִהְיֶה וְנִצְּתָה מֵאֵין יוֹשֵׁב׃
עֶגְלָה יְפֵה־פִיָּה מִצְרָיִם קֶרֶץ מִצָּפוֹן בָּא בָא׃ גַּם־שְׂכִרֶיהָ 21 כ
בְקִרְבָּהּ כְּעֶגְלֵי מַרְבֵּק כִּי־גַם־הֵמָּה הִפְנוּ נָסוּ יַחְדָּיו לֹא
עָמָדוּ כִּי יוֹם אֵידָם בָּא עֲלֵיהֶם עֵת פְּקֻדָּתָם׃ קוֹלָהּ כַּנָּחָשׁ 22
יֵלֵךְ כִּי־בְחַיִל יֵלֵכוּ וּבְקַרְדֻּמּוֹת בָּאוּ לָהּ כְּחֹטְבֵי עֵצִים׃
כָּרְתוּ יַעְרָהּ נְאֻם־יְהוָה כִּי לֹא יֵחָקֵר כִּי רַבּוּ מֵאַרְבֶּה 23
וְאֵין לָהֶם מִסְפָּר׃ הֹבִישָׁה בַּת־מִצְרָיִם נִתְּנָה בְּיַד עַם־ 24
צָפוֹן׃ אָמַר יְהוָה צְבָאוֹת אֱלֹהֵי יִשְׂרָאֵל הִנְנִי פוֹקֵד אֶל־ כה
אָמוֹן מִנֹּא וְעַל־פַּרְעֹה וְעַל־מִצְרַיִם וְעַל־אֱלֹהֶיהָ וְעַל־מְלָכֶיהָ
וְעַל־פַּרְעֹה וְעַל הַבֹּטְחִים בּוֹ׃ וּנְתַתִּים בְּיַד מְבַקְשֵׁי נַפְשָׁם 26
וּבְיַד נְבוּכַדְרֶאצַּר מֶלֶךְ־בָּבֶל וּבְיַד עֲבָדָיו וְאַחֲרֵי־כֵן תִּשְׁכֹּן
כִּימֵי־קֶדֶם נְאֻם־יְהוָה׃ וְאַתָּה אַל־תִּירָא עַבְדִּי יַעֲקֹב 27
וְאַל־תֵּחַת יִשְׂרָאֵל כִּי הִנְנִי מוֹשִׁעֲךָ מֵרָחוֹק וְאֶת־זַרְעֲךָ
מֵאֶרֶץ שִׁבְיָם וְשָׁב יַעֲקוֹב וְשָׁקַט וְשַׁאֲנַן וְאֵין מַחֲרִיד׃ אַתָּה 28
אַל־תִּירָא עַבְדִּי יַעֲקֹב נְאֻם־יְהוָה כִּי אִתְּךָ אָנִי כִּי אֶעֱשֶׂה
כָלָה בְּכָל־הַגּוֹיִם ׀ אֲשֶׁר הִדַּחְתִּיךָ שָׁמָּה וְאֹתְךָ לֹא־אֶעֱשֶׂה
כָלָה וְיִסַּרְתִּיךָ לַמִּשְׁפָּט וְנַקֵּה לֹא אֲנַקֶּךָּ׃

מז מ

אֲשֶׁר הָיָה דְבַר־יְהוָה אֶל־יִרְמְיָהוּ הַנָּבִיא אֶל־פְּלִשְׁתִּים א
בְּטֶרֶם יַכֶּה פַרְעֹה אֶת־עַזָּה׃ כֹּה ׀ אָמַר יְהוָה הִנֵּה־מַיִם 2
עֹלִים מִצָּפוֹן וְהָיוּ לְנַחַל שׁוֹטֵף וְיִשְׁטְפוּ אֶרֶץ וּמְלוֹאָהּ עִיר
וְיֹשְׁבֵי בָהּ וְזָעֲקוּ הָאָדָם וְהֵילִל כֹּל יוֹשֵׁב הָאָרֶץ׃ מִקּוֹל 3
שַׁעֲטַת פַּרְסוֹת אַבִּירָיו מֵרַעַשׁ לְרִכְבּוֹ הֲמוֹן גַּלְגִּלָּיו לֹא־
הִפְנוּ אָבוֹת אֶל־בָּנִים מֵרִפְיוֹן יָדָיִם׃ עַל־הַיּוֹם הַבָּא לִשְׁדוֹד 4
אֶת־כָּל־פְּלִשְׁתִּים לְהַכְרִית לְצֹר וּלְצִידוֹן כֹּל שָׂרִיד עֹזֵר
כִּי־שֹׁדֵד יְהוָה אֶת־פְּלִשְׁתִּים שְׁאֵרִית אִי כַפְתּוֹר׃ בָּאָה ה
קָרְחָה אֶל־עַזָּה נִדְמְתָה אַשְׁקְלוֹן שְׁאֵרִית עִמְקָם עַד־מָתַי

6 התגודדי: הוי חרב ליהוה עד־אנה לא תשקטי האספי
7 אל־תערך הרגעי ודמי: איך תשקטי ויהוה צוה־לה אל־
אשקלון ואל־חוף הים שם יעדה:

מח מח

א למואב כה־אמר יהוה צבאות אלהי ישראל הוי אל־נבו
כי שדדה הבישה נלכדה קריתים הבישה המשגב
2 וחתה: אין עוד תהלת מואב בחשבון חשבו עליה רעה
לכו ונכריתנה מגוי גם־מדמן תדמי אחריך תלך חרב:
3 4 קול צעקה מחרנים שד ושבר גדול: נשברה מואב
ה השמיעו זעקה צעוריה: כי מעלה הלחות בבכי יעלה־
6 בכי כי במורד חורנים צרי צעקת־שבר שמעו: נסו
7 מלטו נפשכם ותהיינה כערוער במדבר: כי יען בטחך
במעשיך ובאוצרותיך גם־את תלכדי ויצא כמיש בגולה
8 כהניו ושריו יחד: ויבא שדד אל־כל־עיר ועיר לא תמלט
9 ואבד העמק ונשמד המישר אשר אמר יהוה: תנו־ציץ
למואב כי נצא תצא ועריה לשמה תהיינה מאין יושב
י בהן: ארור עשה מלאכת יהוה רמיה וארור מנע חרבו
11 מדם: שאנן מואב מנעוריו ושקט הוא אל־שמריו ולא־
הורק מכלי אל־כלי ובגולה לא הלך על־כן עמד טעמו
12 בו וריחו לא נמר: לכן הנה־ימים באים נאם־יהוה
ושלחתי־לו צעים וצעהו וכליו יריקו ונבליהם ינפצו:
13 ובש מואב מכמוש כאשר־בשו בית ישראל מבית אל
14 מבטחם: איך תאמרו גבורים אנחנו ואנשי־חיל למלחמה:
טו שדד מואב ועריה עלה ומבחר בחוריו ירדו לטבח נאם־
16 המלך יהוה צבאות שמו: קרוב איד־מואב לבוא ורעתו
17 מהרה מאד: נדו לו כל־סביביו וכל ידעי שמו אמרו
18 איכה נשבר מטה־עז מקל תפארה: רדי מכבוד ישבי

וועסט דו דיך ראצען (דיין לייב)? 6 אוי וועה, שווערד פון דעם האר! ביז וויא לאנג וועסט דו ניט רוהען? טהוא דיך צוריק אין דיינע שייד, בערוהיג דיך, אונד זייא שטיל: 7 וויא אזוי אבער זאלסט דו שטיל זיין, ווען דער האר האט עס געבאטען קעגען אשקלון, אונד קעגען דעם בארטען (ברעג) פון דעם ים? דארט האט ער עס בעשטימט:

קאפיטעל מח

1 קעגען מואב, אזוי זאגט דער האר צבאות, דער גאט פון ישראל, וועה צו נבו ווארין זיא איז צושטערט, קריתים איז פערשעמט אונד בעצוואונגען געווארען, צו שאנד איז געווארען דער הויכער ארט אונד צובראכען: 2 עס איז ניט מעהר דא דער לויב פון מואב, אין חשבון האבען זייא וועגען איהר שלעכטעס געטראכט, קומט, אונד מיר וועלען עס פערטילגען פון צו זיין א פאלק, אויך מדמן דו וועסט שטום ווערען, הינטער דיר וועט געהן דאס שווערד: 3 א קול פון געשרייא איז פון חרנים, א פערוויסטונג אונד א גרויסע צושטערונג: 4 מואב איז צובראכען געווארען, זיירע יונגע האבען געלאזט הערען א געשרייא: 5 ווארין אויף דעם ארויפגאנג פון לחות געהט ארויף געוויין אויף געוויין, ווארין בייא דעם ארופנידערן פון חרנים הערט מען דעם בעדרענגער פון דעם געשרייא פון צוברעכונג: 6 אנטלויפט, אנטרינט אייערע זעעלען, זייא וועלען אבער זיין וויא א (דארער) בוים וואס איז אהן בלעטער אין דער מדבר: 7 ווארין ווייל דו האסט דיך פערזיכערט אויף דיינע ווערק אונד אויף דיינע אוצרות, אזוי וועסט דו אויך בעצוואונגען ווערען; אונד כמוש וועט אוועקגעהן אין גלות, זיינע כהנים אונד זיינע הויפטלייט צוזאמען: 8 אונד דער צושטערער וועט קומען אין יעדער שטאט, אונד דיא שטאט וועט ניט אנטרונען ווערען, אונד דאס טאהל וועט פערלוירען ווערען, אונד דער פלוין וועט פערטילגט ווערען, ווייל דער האר האט עס געזאגט: 9 גיבט פליגעל צו מואב, ווארין זיא וויל אוועקפליהען, אבער איהרע שטעט וועלען זיין וויסט, אהן איינוואוינער אין זייא: 10 פערפלוכט איז דער, וואס טהוט דאס ווערק פון דעם האר מיט פאלשקייט, אונד פערפלוכט איז דער וואס פערמיידעט זיין שווערד פון בלוט! 11 מואב איז רוהיג געוועזען פון זיינע יוגענד אן, אונד ער איז שטיל געלעגען אויף זיינע הייוען, וואס איז ניט אויסגעלעדיגט געווארען פון איין כלי צו דער אנדערע, אונד ער איז ניט געגאנגען אין גלות, דארום איז דער געשמאק געשטאנען אין איהם, אונד זיין ריח איז ניט פערענדערט געווארען: 12 דארום, זעה, עס קומען אן טעג, זאגט דער האר, דאס איך וועל צו איהם שיקען ארומשלעפערס אונד זייא וועלען איהם ארומשלעפען, אונד זיינע כלים וועלען זייא אויסלעדיגען, אונד זיירע לאגעל (פעסער) וועלען זייא צוברעכען: 13 אונד מואב וועט זיך שעמען וועגען כמוש, אזוי וויא דאס הויזגעזינד פון ישראל האט זיך געשעמט וועגען בית אל זיירע פערזיכערונג: 14 וויא אזוי קענט איהר זאגען, מיר זענען שטארקע, אונד העלדען־מענער צו דער מלחמה? 15 מואב איז צושטערט געווארען, אונד איהרע שטעט זענען (אין רויך) ארויפגעגאנגען, אונד דיא בעסטע פון זיינע יונגע לייט האבען ארונטערגענידערט צו דעם שלאכטען, זאגט דער קעניג, יהוה צבאות איז זיין נאמען: 16 דער אונטערגאנג פון מואב איז נאהענט געקומען, אונד זיין אומגליק האט זיך זעהר געאיילט: 17 בעקלאגט איהם אלע דיא וואס זענען ארום איהם, אונד אלע דיא וואס קענען זיין נאמען, זאגט, וויא איז דער שטארקער שטעקען צובראכען געווארען, דער שענער שטעקען: 18 נידער ארופ פון דעם כבוד, אונד זעץ דיך
אין

בְּצָמָא יֹשֶׁבֶת בַּת־דִּיבוֹן כִּי־שֹׁדֵד מוֹאָב עָלָה בָךְ שִׁחֵת
19 מִבְצָרָיִךְ׃ אֶל־דֶּרֶךְ עִמְדִי וְצַפִּי יוֹשֶׁבֶת עֲרוֹעֵר שַׁאֲלִי־נָס
כ וְנִמְלָטָה אִמְרִי מַה־נִּהְיָתָה׃ הֹבִישׁ מוֹאָב כִּי־חַתָּה הֵילִילִי ׀
21 וּזְעָקִי הַגִּידוּ בְאַרְנוֹן כִּי שֻׁדַּד מוֹאָב׃ וּמִשְׁפָּט בָּא אֶל־
22 אֶרֶץ הַמִּישֹׁר אֶל־חֹלוֹן וְאֶל־יַהְצָה וְעַל־מֵופָעַת׃ וְעַל־
23 דִּיבוֹן וְעַל־נְבוֹ וְעַל־בֵּית דִּבְלָתָיִם׃ וְעַל קִרְיָתַיִם וְעַל־בֵּית
24 גָּמוּל וְעַל־בֵּית מְעוֹן׃ וְעַל־קְרִיּוֹת וְעַל־בָּצְרָה וְעַל כָּל־
כה עָרֵי אֶרֶץ מוֹאָב הָרְחֹקוֹת וְהַקְּרֹבוֹת׃ נִגְדְּעָה קֶרֶן מוֹאָב
26 וּזְרֹעוֹ נִשְׁבָּרָה נְאֻם יְהוָה׃ הַשְׁכִּירֻהוּ כִּי עַל־יְהוָה הִגְדִּיל
27 וְסָפַק מוֹאָב בְּקִיאוֹ וְהָיָה לִשְׂחֹק גַּם־הוּא׃ וְאִם ׀ לוֹא
הַשְּׂחֹק הָיָה לְךָ יִשְׂרָאֵל אִם־בְּגַנָּבִים נִמְצָאָה כִּי־מִדֵּי
28 דְבָרֶיךָ בּוֹ תִּתְנוֹדָד׃ עִזְבוּ עָרִים וְשִׁכְנוּ בַּסֶּלַע יֹשְׁבֵי מוֹאָב
29 וִהְיוּ כְיוֹנָה תְּקַנֵּן בְּעֶבְרֵי פִי־פָחַת׃ שָׁמַעְנוּ גְאוֹן־מוֹאָב
ל גֵּאֶה מְאֹד גָּבְהוֹ וּגְאוֹנוֹ וְגַאֲוָתוֹ וְרֻם לִבּוֹ׃ אֲנִי יָדַעְתִּי נְאֻם־
31 יְהוָה עֶבְרָתוֹ וְלֹא־כֵן בַּדָּיו לֹא־כֵן עָשׂוּ׃ עַל־כֵּן עַל־מוֹאָב
אֲיֵלִיל וּלְמוֹאָב כֻּלֹּה אֶזְעָק אֶל־אַנְשֵׁי קִיר־חֶרֶשׂ יֶהְגֶּה׃
32 מִבְּכִי יַעְזֵר אֶבְכֶּה־לָּךְ הַגֶּפֶן שִׂבְמָה נְטִישֹׁתַיִךְ עָבְרוּ יָם
33 עַד יָם יַעְזֵר נָגָעוּ עַל־קֵיצֵךְ וְעַל־בְּצִירֵךְ שֹׁדֵד נָפָל׃ וְנֶאֶסְפָה
שִׂמְחָה וָגִיל מִכַּרְמֶל וּמֵאֶרֶץ מוֹאָב וְיַיִן מִיקָבִים הִשְׁבַּתִּי
34 לֹא־יִדְרֹךְ הֵידָד הֵידָד לֹא הֵידָד׃ מִזַּעֲקַת חֶשְׁבּוֹן עַד־
אֶלְעָלֵה עַד־יַהַץ נָתְנוּ קוֹלָם מִצֹּעַר עַד־חֹרֹנַיִם עֶגְלַת
לה שְׁלִשִׁיָּה כִּי גַּם־מֵי נִמְרִים לִמְשַׁמּוֹת יִהְיוּ׃ וְהִשְׁבַּתִּי לְמוֹאָב
36 נְאֻם־יְהוָה מַעֲלֶה בָמָה וּמַקְטִיר לֵאלֹהָיו׃ עַל־כֵּן לִבִּי
לְמוֹאָב כַּחֲלִלִים יֶהֱמֶה וְלִבִּי אֶל־אַנְשֵׁי קִיר־חֶרֶשׂ
37 כַּחֲלִילִים יֶהֱמֶה עַל־כֵּן יִתְרַת עָשָׂה אָבָדוּ׃ כִּי כָל־רֹאשׁ
קָרְחָה וְכָל־זָקָן גְּרֻעָה עַל כָּל־יָדַיִם גְּדֻדֹת וְעַל־מָתְנַיִם
38 שָׂק׃ עַל כָּל־גַּגּוֹת מוֹאָב וּבִרְחֹבֹתֶיהָ כֻּלֹּה מִסְפֵּד כִּי־

אין אַ דאָרשטיגען אָרט, דוא איינוואוינערין, טאָכטער פון דיבון! וואָרין דער צושטערער פון מואָב געהט אַרויף קעגען דיר, ער פערדאַרבט דיינע פעסטונגען: 19 שטעל דיך אויף דעם וועג אונד קוק, דוא איינוואוינערין פון עֲרוֹעֵר! פרעג דעם אַנטלויפער, אונד דעם אַנטרונענעם, זאָג וואָס איז געוואָרען? 20 מואָב איז פערשעמט געוואָרען, וואָרין זיא איז אין שרעק, זיא קלאָגט אונד שרייט, זאָגט עס אָן אין אַרנון אַז מואָב איז צושטערט געוואָרען: 21 אונד אַ משפט איז געקומען איבער דעם לאַנד פון דעם פלוין, איבער חלון אונד איבער יַהְצָה אונד איבער מֵיפָעַת: 22 אונד איבער דיבון אונד איבער נבו אונד איבער בית דבלתים: 23 אונד איבער קריתים אונד איבער בית גמול אונד איבער בית מעון: 24 אונד איבער קריות אונד איבער בצרה, אונד איבער אַלע שטעט פון דעם לאַנד מואָב, דיא ווייטע אונד דיא נאָהענטע: 25 דער האָרן פון מואָב איז אָפּגעשניטען געוואָרען, אונד זיין אָרעם איז צובראָכען געוואָרען, זאָגט דער האַר: 26 מאַכט איהם בעטרונקען (שכור) וואָרין ער האָט זיך גרוים געמאַכט איבער דעם האַר, אונד מואָב וועט (זיינע ציין) קלאַפּען אין זיין אויסשפּייען, אונד ער וועט אויך זיין צו אַ געלעכטער: 27 איז דען ניט ישראל אַ געלעכטער צו דיר, ווען זיא איז צווישען גנבים געפונען געוואָרען? וואָרין אַזוי אָפט ווען דוא האָסט גערעדט דיינע רעד קעגען איהם, האָסט דוא דיך איבער איהם געשאָקעלט: 28 פערלאָזט דיא שטעט אונד וואוינט אויף דעם פעלזען־שטיין, איהר איינוואוינער פון מואָב, אונד זייט וויא אַ טויב, וואָס מאַכט איהר נעסט אַן דיא זייטען פון דער עפענונג פון אַ גרוב: 29 מיר האָבען געהערט דעם שטאָלץ פון מואָב, אַז ער איז זעהר שטאָלץ, זיינע הויכקייט אונד זיין שטאָלץ, אונד דיא שטאָלצע הויכקייט פון זיין האַרץ: 30 איך ווייס זיין צאָרן, זאָגט דער האַר, אָבער עס זאָל ניט אַזוי זיין, זיינע געדאַנקען טהון אומרעכט: 31 דאָרום קלאָג איך איבער מואָב, איבער גאַנץ מואָב שרייא איך, איבער דיא מענשען פון קיר־חרש וועט מען זיפצען: 32 וועגען דעם געוויין פון יַעְזֵר, וועל איך איבער דיר וויינען, דוא ווינשטאָק פון שִׂבְמָה דיינע צווייגען זענען איבער דעם ים אַריבער, ביז צו דעם ים פון יַעְזֵר האָבען זיא געגרייכט, אויף דיינע זומערפרוכט אונד אויף דיינע וויינטרויבען־זאַמלונג איז דער צושטערער געפאַלען: 33 אונד עס וועט איינגעטהון ווערען דיא פרייד אונד דיא פרעליכקייט פון כרמל אונד פון דעם לאַנד מואָב; אונד דעם וויין פון דיא קעלטער האָב איך פערשטערט, ער וועט ניט מעהר טרעטען מיט פרייד־געשרייא, דיא פרייד איז ניט מעהר קיינע פרייד: 34 פון דעם געשרייא פון חשבון ביז אלעלה, ביז יַהַץ האָבען זייא דערהויבען זייער קול, פון צוער ביז חרנים, ביז עגלת שלשיה; וואָרין דאָס וואַסער פון נמרים וועט אויך וויסט ווערען: 35 אונד איך וועל מאַכען אויפהערען צו מואָב, זאָגט דער האַר, דעם וואָס געהט אַרויף אויף דער בָּמָה, אונד דער וואָס רייכערט צו זיינע געטער: 36 דאָרום ברומט מיין האַרץ וועגען מואָב אַזוי וויא מיט פלעטען, אונד מיין האַרץ ברומט אויך וועגען דיא מענשען פון קיר־חרש אַזוי וויא מיט פלעטען, ווייל דאָס איבעריגע וואָס ער האָט דערוואָרבען, איז פערלוירען געוואָרען: 37 וואָרין איטליכער קאָפּ איז אויסגעפליקט אונד יעדער באָרד איז אָפּגעשוירען, אויף אַלע זייטען זענען איינגעצונגען, אונד אויף דיא לענדען איז אַ זאַק: 38 אויף אַלע דעכער פון מואָב, אונד אין איהרע גאַסען, איז דורכאויס אַ קלאָג, וואָרין

איך

39 שָׁבַרְתִּי אֶת־מוֹאָב כִּכְלִי אֵין־חֵפֶץ בּוֹ נְאֻם־יְהוָה׃ אֵיךְ
חַתָּה הֵילִילוּ אֵיךְ הִפְנָה־עֹרֶף מוֹאָב בּוֹשׁ וְהָיָה מוֹאָב
מ לִשְׂחֹק וְלִמְחִתָּה לְכָל־סְבִיבָיו׃ כִּי־כֹה אָמַר יְהוָה
41 הִנֵּה כַנֶּשֶׁר יִדְאֶה וּפָרַשׂ כְּנָפָיו אֶל־מוֹאָב׃ נִלְכְּדָה הַקְּרִיּוֹת
וְהַמְּצָדוֹת נִתְפָּשָׂה וְהָיָה לֵב גִּבּוֹרֵי מוֹאָב בַּיּוֹם הַהוּא כְּלֵב
42 אִשָּׁה מְצֵרָה׃ וְנִשְׁמַד מוֹאָב מֵעָם כִּי עַל־יְהוָה הִגְדִּיל׃
43 44 פַּחַד וָפַחַת וָפָח עָלֶיךָ יוֹשֵׁב מוֹאָב נְאֻם־יְהוָה׃ הַנִּיס מִפְּנֵי
הַפַּחַד יִפֹּל אֶל־הַפַּחַת וְהָעֹלֶה מִן־הַפַּחַת יִלָּכֵד בַּפָּח
מה כִּי־אָבִיא אֵלֶיהָ אֶל־מוֹאָב שְׁנַת פְּקֻדָּתָם נְאֻם־יְהוָה׃ בְּצֵל
חֶשְׁבּוֹן עָמְדוּ מִכֹּחַ נָסִים כִּי־אֵשׁ יָצָא מֵחֶשְׁבּוֹן וְלֶהָבָה מִבֵּין
46 סִיחוֹן וַתֹּאכַל פְּאַת מוֹאָב וְקָדְקֹד בְּנֵי שָׁאוֹן׃ אוֹי־לְךָ מוֹאָב
אָבַד עַם־כְּמוֹשׁ כִּי־לֻקְּחוּ בָנֶיךָ בַּשֶּׁבִי וּבְנֹתֶיךָ בַּשִּׁבְיָה׃
47 וְשַׁבְתִּי שְׁבוּת־מוֹאָב בְּאַחֲרִית הַיָּמִים נְאֻם־יְהוָה עַד־הֵנָּה
מִשְׁפַּט מוֹאָב׃

## מט מט

א לִבְנֵי עַמּוֹן כֹּה אָמַר יְהוָה הֲבָנִים אֵין לְיִשְׂרָאֵל אִם־
יוֹרֵשׁ אֵין לוֹ מַדּוּעַ יָרַשׁ מַלְכָּם אֶת־גָּד וְעַמּוֹ בְּעָרָיו יָשָׁב׃
2 לָכֵן הִנֵּה יָמִים בָּאִים נְאֻם־יְהוָה וְהִשְׁמַעְתִּי אֶל־רַבַּת
בְּנֵי־עַמּוֹן תְּרוּעַת מִלְחָמָה וְהָיְתָה לְתֵל שְׁמָמָה וּבְנֹתֶיהָ
בָּאֵשׁ תִּצַּתְנָה וְיָרַשׁ יִשְׂרָאֵל אֶת־יֹרְשָׁיו אָמַר יְהוָה׃
3 הֵילִילִי חֶשְׁבּוֹן כִּי שֻׁדְּדָה־עַי צְעַקְנָה בְּנוֹת רַבָּה חֲגֹרְנָה
שַׂקִּים סְפֹדְנָה וְהִתְשׁוֹטַטְנָה בַּגְּדֵרוֹת כִּי מַלְכָּם בַּגּוֹלָה
4 יֵלֵךְ כֹּהֲנָיו וְשָׂרָיו יַחְדָּיו׃ מַה־תִּתְהַלְלִי בָּעֲמָקִים זָב
עִמְקֵךְ הַבַּת הַשּׁוֹבֵבָה הַבֹּטְחָה בְּאֹצְרֹתֶיהָ מִי יָבוֹא אֵלָי׃
ה הִנְנִי מֵבִיא עָלַיִךְ פַּחַד נְאֻם־אֲדֹנָי יְהוִה צְבָאוֹת מִכָּל־
6 סְבִיבָיִךְ וְנִדַּחְתֶּם אִישׁ לְפָנָיו וְאֵין מְקַבֵּץ לַנֹּדֵד׃ וְאַחֲרֵי־
7 כֵן אָשִׁיב אֶת־שְׁבוּת בְּנֵי־עַמּוֹן נְאֻם־יְהוָה׃ לֶאֱדוֹם

אִיךְ הָאבּ צוּבְּרָאכֶען מוֹאָב אַזוֹי װִיא אַ כְּלִי, װָאס מֶען בֶּעגֶעהְרְט אִיהְם נִיט, זָאגְט דֶער הַאר׃ 39 װִיא אִיז דָאס שְׁרֶעקְלִיךְ, זַייא יָאמֶערְען, װִיא הָאט מוֹאָב אוּמְגֶע־קֶעהְרְט דֶעם נַאקֶען מִיט שֶׁעהְמֶען, אוּנְד אַזוֹי זָאל מוֹאָב זַיין צוּ אַ גֶעלֶעכְטֶער, אוּנְד צוּ אַ שְׁרֶעק צוּ אַלֶע װָאס זֶענֶען אַרוּם אִיהְם׃ 40 װָארִין אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר, זֶעה, עֶר שְׁװֶעבְּט גְלֵייךְ אַזוֹי װִיא אֵיין אָדְלֶער, אוּנְד עֶר פֶּערְשְׁפְּרֵייט זֵיינֶע פְלִיגֶעל אִיבֶּער מוֹאָב׃ 41 עֶס װֶעלֶען בֶּעצְװָאוּנְגֶען װֶערֶען דִיא שְׁטֶעט, אוּנְד דִיא פֶּעסְטוּנְגֶען װֶעלֶען אֵיינְגֶענוּמֶען װֶע־רֶען, אוּנְד דָאס הַארְץ פוּן דִיא שְׁטַארְקֶע פוּן מוֹאָב װֶעט זֵיין אִין יֶענֶעם טָאג, אַזוֹי װִיא דָאס הַארְץ פוּן אַ װֵייבּ װָאס אִיז אִין װֵייטָאגֶען׃ 42 אוּנְד מוֹאָב װֶעט פֶּערְטִילְגְט װֶערֶען פוּן אַ פָאלְק, װָארִין עֶר הָאט זִיךְ גְרוֹיס גֶעמַאכְט קֶעגֶען דֶעם הַאר׃ 43 אַ פָּארְכְט אוּנְד אַ גְרוּבּ, אוּנְד אַ נֶעטְץ אִיז אִיבֶּער דִיר, דוּא אֵיינְװָאוֹי־נֶער פוּן מוֹאָב, זָאגְט דֶער הַאר׃ 44 דֶער װָאס אִיז אַנְטְלָאפֶען פוּן דֶער פָּארְכְט, װֶעט אַרֵיינְפַאלֶען אִין דִיא גְרוּבּ, אוּנְד דֶער װָאס אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען פוּן דִיא גְרוּבּ װֶעט אִין דֶעם נֶעטְץ בֶּעצְװָאוּנְגֶען װֶערֶען, װָארִין אִיךְ װֶעל אִיבֶּער אִיהְר, אִיבֶּער מוֹאָב, בְּרֶענְגֶען דָאס יָאהְר פוּן זַייעֶרֶע בֶּעשְׁטְרָאפוּנְג, זָאגְט דֶער הַאר׃ 45 אִין דֶעם שָׁאטֶען פוּן חֶשְׁבּוֹן שְׁטֶעהֶען אַנְטְלָאפֶענֶע אָהְן קְרַאפְט, װָארִין אַ פֵייעֶר אִיז אַרוֹיסְגֶע־גַאנְגֶען פוּן חֶשְׁבּוֹן, אוּנְד אַ פְלַאם פוּן צְװִישֶׁען סִיחוֹן, אוּנְד עֶס הָאט פֶערְבְּרֶענְט דֶעם עֶק פוּן מוֹאָב, אוּנְד דֶעם שֵׁייטֶעל פוּן דִיא זִיהְן פוּן דֶעם גֶעטוּמֶעל׃ 46 אוֹי װֶעה צוּ דִיר, מוֹאָב! דָאס פָאלְק פוּן כְּמוֹשׁ אִיז פֶערְלוֹירֶען גֶעװָארֶען, װָארִין דֵיינֶע זִיהְן זֶענֶען גֶענוּמֶען גֶעװָארֶען אִין דֶעם גֶעפֶענְגְנִיס, אוּנְד דֵיינֶע טֶעכְטֶער אִין דֶער גֶעפַאנְגֶענְשַׁאפְט׃ 47 אָבֶּער אִיךְ װֶעל צוּרִיקְבְּרֶענְגֶען דִיא גֶעפַאנְגֶענְשַׁאפְט פוּן מוֹאָב, אִין דִיא לֶעצְטֶע טֶעג, זָאגְט דֶער הַאר, בִּיז אַהֶער אִיז דָאס מִשְׁפָּט אִיבֶּער מוֹאָב׃

## קאַפִּיטֶעל מט

1 קֶעגֶען דִיא קִינְדֶער פוּן עַמּוֹן, אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר, הָאבֶּען דֶען דִיא יִשְׂרָאֵל קֵיינֶע קִינְדֶער? הָאט עֶר דֶען קֵיין יוֹרֵשׁ? װָארוּם הָאט מַלְכָּם גֶעעֶרְבְּט גָד, אוּנְד זֵיין פָאלְק װְאוֹינְט אִין זֵיינֶע שְׁטֶעט? 2 דָארוּם זֶעה, טֶעג קוּמֶען אָן, זָאגְט דֶער הַאר, דָאס אִיךְ װֶעל מַאכֶען הֶערֶען אִיבֶּער רַבַּת פוּן דִיא קִינְדֶער פוּן עַמּוֹן אַ שַׁאלוּנְג פוּן מִלְחָמָה, אוּנְד זִיא װֶעט װֶערֶען צוּ אַ פֶּערְװִיסְטֶען הוֹיפֶען, אוּנְד אִיהְרֶע טֶעכְטֶער (אָדֶער דֶערְ־פֶער) װֶעלֶען אִין דֶעם פֵייעֶר פֶּערְבְּרֶענְט װֶערֶען, אוּנְד יִשְׂרָאֵל װֶעט יַרְשְׁנֶען (עֶרְבֶּען) זֵיינֶע יוֹרְשִׁים, זָאגְט דֶער הַאר׃ 3 יָאמֶער חֶשְׁבּוֹן, װָארִין עַי אִיז צוּשְׁטֶערְט גֶעװָארֶען! שְׁרֵייט אִיהְר טֶעכְטֶער פוּן רַבָּה, קְלֵיידֶעט אֵייךְ אָן מִיט זֶעק, קְלָאגְט אוּנְד לוֹיפְט אַרוּם אִין דִיא מוֹיעֶרְן, װָארִין מַלְכָּם װֶעט גֶעהְן אִין גָלוּת, זֵיינֶע כֹּהֲנִים אוּנְד זֵיינֶע פִירְשְׁטֶען צוּזַאמֶען׃ 4 װָאס רִימְסְט דוּא דִיךְ מִיט דִיא טָאהְלֶען, דֵיין טָאהְל צוּרִינְט, דוּא װִידֶערְשְׁפֶּענִיגֶע טָאכְטֶער, װָאס זִיא פֶּערְזִיכֶערְט זִיךְ אוֹיף אִיהְרֶע אוֹצְרוֹת, װֶער װֶעט צוּ מִיר קוּמֶען? 5 זֶעה, אִיךְ בְּרֶענְג אוֹיף דִיר שְׁרֶעק, זָאגְט דֶער הַאר צְבָאוֹת, פוּן אַלֶע װָאס זֶענֶען אַרוּם דִיר, אוּנְד אִיהְר װֶעט יֶעדֶערֶער פַאר אִיהְם אַװֶעקְגֶעשְׁטוֹיסֶען װֶערֶען, אוּנְד קֵיינֶער װֶעט נִיט פֶּערְזַאמְלֶען דֶעם פֶּערְװָאגֶעלְטֶען׃ 6 אָבֶּער נָאכְדֶעם װֶעל אִיךְ צוּרִיקְקֶעהְרֶען דִיא פֶּערְטְרִיבֶּענֶע פוּן דִיא קִינְדֶער פוּן עַמּוֹן, זָאגְט דֶער הַאר׃

כֹּה אָמַר יְהוָה צְבָאוֹת הַאֵין עוֹד חָכְמָה בְּתֵימָן אָבְדָה
8 עֵצָה מִבָּנִים נִסְרְחָה חָכְמָתָם׃ נֻסוּ הָפְנוּ הֶעְמִיקוּ לָשֶׁבֶת
9 יֹשְׁבֵי דְּדָן כִּי אֵיד עֵשָׂו הֵבֵאתִי עָלָיו עֵת פְּקַדְתִּיו׃ אִם־
בֹּצְרִים בָּאוּ לָךְ לֹא יַשְׁאִרוּ עוֹלֵלוֹת אִם־גַּנָּבִים בַּלַּיְלָה
י הִשְׁחִיתוּ דַיָּם׃ כִּי־אֲנִי חָשַׂפְתִּי אֶת־עֵשָׂו גִּלֵּיתִי אֶת־
מִסְתָּרָיו וְנֶחְבָּה לֹא יוּכָל שֻׁדַּד זַרְעוֹ וְאֶחָיו וּשְׁכֵנָיו
11 וְאֵינֶנּוּ׃ עָזְבָה יְתֹמֶיךָ אֲנִי אֲחַיֶּה וְאַלְמְנוֹתֶיךָ עָלַי תִּבְטָחוּ׃
12 כִּי־כֹה ׀ אָמַר יְהוָה הִנֵּה אֲשֶׁר־אֵין מִשְׁפָּטָם
לִשְׁתּוֹת הַכּוֹס שָׁתוֹ יִשְׁתּוּ וְאַתָּה הוּא נָקֹה תִּנָּקֶה לֹא
13 תִנָּקֶה כִּי שָׁתֹה תִּשְׁתֶּה׃ כִּי בִי נִשְׁבַּעְתִּי נְאֻם־יְהוָה כִּי־
לְשַׁמָּה לְחֶרְפָּה לְחֹרֶב וְלִקְלָלָה תִּהְיֶה בָצְרָה וְכָל־עָרֶיהָ
14 תִּהְיֶינָה לְחָרְבוֹת עוֹלָם׃ שְׁמוּעָה שָׁמַעְתִּי מֵאֵת יְהוָה
וְצִיר בַּגּוֹיִם שָׁלוּחַ הִתְקַבְּצוּ וּבֹאוּ עָלֶיהָ וְקוּמוּ לַמִּלְחָמָה׃
טו 16 כִּי־הִנֵּה קָטֹן נְתַתִּיךָ בַּגּוֹיִם בָּזוּי בָּאָדָם׃ תִּפְלַצְתְּךָ הִשִּׁיא
אֹתָךְ זְדוֹן לִבֶּךָ שֹׁכְנִי בְּחַגְוֵי הַסֶּלַע תֹּפְשִׂי מְרוֹם גִּבְעָה
17 כִּי־תַגְבִּיהַּ כַּנֶּשֶׁר קִנֶּךָ מִשָּׁם אוֹרִידְךָ נְאֻם־יְהוָה׃ וְהָיְתָה
אֱדוֹם לְשַׁמָּה כֹּל עֹבֵר עָלֶיהָ יִשֹּׁם וְיִשְׁרֹק עַל־כָּל־מַכּוֹתֶהָ׃
18 כְּמַהְפֵּכַת סְדֹם וַעֲמֹרָה וּשְׁכֵנֶיהָ אָמַר יְהוָה לֹא־יֵשֵׁב שָׁם
19 אִישׁ וְלֹא־יָגוּר בָּהּ בֶּן־אָדָם׃ הִנֵּה כְּאַרְיֵה יַעֲלֶה מִגְּאוֹן
הַיַּרְדֵּן אֶל־נְוֵה אֵיתָן כִּי־אַרְגִּיעָה אֲרִיצֶנּוּ מֵעָלֶיהָ וּמִי
בָחוּר אֵלֶיהָ אֶפְקֹד כִּי מִי כָמוֹנִי וּמִי יֹעִידֶנִּי וּמִי־זֶה רֹעֶה
כ אֲשֶׁר יַעֲמֹד לְפָנָי׃ לָכֵן שִׁמְעוּ עֲצַת־יְהוָה אֲשֶׁר יָעַץ אֶל־
אֱדוֹם וּמַחְשְׁבוֹתָיו אֲשֶׁר חָשַׁב אֶל־יֹשְׁבֵי תֵימָן אִם־לֹא
יִסְחָבוּם צְעִירֵי הַצֹּאן אִם־לֹא יַשִּׁים עֲלֵיהֶם נְוֵהֶם׃
21 מִקּוֹל נִפְלָם רָעֲשָׁה הָאָרֶץ צְעָקָה בְּיַם־סוּף נִשְׁמַע
22 קוֹלָהּ׃ הִנֵּה כַנֶּשֶׁר יַעֲלֶה וְיִדְאֶה וְיִפְרֹשׂ כְּנָפָיו עַל־
בָּצְרָה וְהָיָה לֵב גִּבּוֹרֵי אֱדוֹם בַּיּוֹם הַהוּא כְּלֵב אִשָּׁה

7 קעגען אדום, אזוי זאגט דער האר צבאות, איז דען ניט מעהר דא קיין חכמה אין תימן? איז דען דיא עצה פערלוירען געווארען פון דעם פערשטענדיגען? איז דען זייערע קלוגשאפט פערשלעפט געווארען? 8 אנטלויפט, קעהרט אייך אפ, (זוכט) א טיפען ארט צו וואוינען, איהר איינוואוינער פון דדן, ווארין דאס אומגליק פון עשו האב איך געברענגט אויף איהם, דיא צייט פון זיינע בשטראפונג: 9 ווען וויינטרויבען זאמלער קומען צו דיר, וועלען זייא דיר ניט איבערלאזען צו קלויבען? ווען גנבים (קומען) בייא דער נאכט אזוי וועלען זייא גענוג פערדארבען: 10 ווארין איך האב אנטפלעקט עשו, איך האב אויפגעדעקט זיינע פערבארגענע ערטער, אונד ער קען זיך ניט בעהאלטען, זיינע קינדער זענען צושטערט אונד זיינע ברידער, אונד זיינע שכנים, אונד ער איז ניט מעהר דא: 11 פערלאז דיינע יתומים איך וועל זייא לאזען לעבען, אונד דיינע אלמנות וועלען זיך אויף מיר פערזיכערן: 12 ווארין אזוי זאגט דער האר, זעה, דיא וואס זייער רעכט איז ניט געוועזען צו טרינקען (פון) דעם בעכער, וועלען דאך מוזען טרינקען, אונד זאלסט דוא דען אונבעשטראפט בלייבען? דוא וועסט ניט אונבעשטראפט בלייבען, ווארין דוא וועסט געוויס מוזען טרינקען: 13 ווארין איך האב בייא מיר געשוואורען, זאגט דער האר, דאס צו וויסט, צו שאנד, צו צושטערונג, אונד צו א פלוך וועט בצרה זיין, אונד אלע איהרע שטעט וועלען ווערען צו אייניגע וויסטעניס: 14 איך האב געהערט א נאכריכט פון דעם האר, אונד א שליח איז צווישען דיא פעלקער געשיקט געווארען, פערזאמעלט אייך אונד קומט קעגען איהר, אונד שטעהט אויף צו דער מלחמה: 15 ווארין זעה, איך האב דיך קליין געמאכט אונטער דיא פעלקער, פעראכטעט אונטער מענשען: 16 דיין שרעקליכעס געצענ־בילד האט דיך פערפיהרט, דיא מוטהווילינקייט פון דיין הארץ, ווייל דוא וואוינסט אין דיא שפאלטען פון א פעלזען־שטיין, ווייל דוא האלטסט אן דיא הייך פון דעם היגעל, דאך ווען דוא זאלסט אויך אויפהעבען דיין נעסט אזוי וויא דער אדלער, אזוי וועל איך דיך פון דארטען אויך ארונטערברענגען, זאגט דער האר: 17 אונד אדום וועט צו פערוויסטונג ווערען, איטליכער וואס וועט פארבייא געהן וועט זיך פערוואונדערן אונד פייפען (צישען) איבער אלע איהרע שלעג: 18 אזוי וויא דיא איבערקעהרונג פון סדום אונד עמורה אונד איהרע שכנים, זאגט דער האר, אזוי וועט דארטען קיין מענש ניט בלייבען, אונד קיין מענשען־קינד וועט דארטען ניט וואוינען: 19 זעה, וויא א לייב וועט ער ארויפגעהן פון דער שטאלצהייט פון דעם ירדן צו דעם שטארקען וויידע ארט, ווארין אויגענבליקליך וועל איך איהם מאכען אנטלויפען פון דאנען, אונד ווער איז דער אויסדערוועהלטער אז איך זאל איהם קענען אנשטעלען? ווארין ווער איז גלייך צו מיר? אונד ווער וועט מיר א צייט בעשטימען? אונד ווער איז דער פאסטוך וואס קען פאר מיר בעשטעהן? 20 דארום הערט דיא עצה פון דעם האר, וואס ער האט געראטען קעגען אדום, אונד זיינע געדאנקען וואס ער האט געטראכט קעגען דיא איינוואוינער פון תימן, מען וועט זייא אוועקשלעפען וויא דיא יונגע שאף, ערשטוינען וועט זיין איבער זייער וויידע ארט: 21 פון דעם קול פון זייער פאלען ציטערט דיא ערד, א געשרייא, בייא דעם ים סוף וועט איהר קול געהערט: 22 זעה, וויא איין אדלער געהט ער אויף אונד ער שוועבט, אונד ער שפרייט אוים זיינע פליגעל איבער בצרה, אונד עס וועט זיין דאס הארץ פון דעם שטארקען פון אדום אין יענעם טאג, אזוי וויא דאס הארץ פון א פרויא אין

איהרע

23 מְצָרָה׃ לְדַמֶּשֶׂק בּוֹשָׁה חֲמָת וְאַרְפָּד כִּי־שְׁמֻעָה
24 רָעָה שָׁמְעוּ נָמֹגוּ בַּיָּם דְּאָגָה הַשְׁקֵט לֹא יוּכָל׃ רָפְתָה
דַמֶּשֶׂק הִפְנְתָה לָנוּס וְרֶטֶט הֶחֱזִיקָה צָרָה וַחֲבָלִים
כה אֲחָזַתָּה כַּיּוֹלֵדָה׃ אֵיךְ לֹא־עֻזְּבָה עִיר תְּהִלָּה קִרְיַת
26 מְשׂוֹשִׂי׃ לָכֵן יִפְּלוּ בַחוּרֶיהָ בִּרְחֹבֹתֶיהָ וְכָל־אַנְשֵׁי
27 הַמִּלְחָמָה יִדַּמּוּ בַּיּוֹם הַהוּא נְאֻם יְהוָה צְבָאוֹת׃ וְהִצַּתִּי
אֵשׁ בְּחוֹמַת דַּמָּשֶׂק וְאָכְלָה אַרְמְנוֹת בֶּן־הֲדָד׃
28 לְקֵדָר ׀ וּלְמַמְלְכוֹת חָצוֹר אֲשֶׁר הִכָּה נְבוּכַדְרֶאצּוֹר מֶלֶךְ־
בָּבֶל כֹּה אָמַר יְהוָה קוּמוּ עֲלוּ אֶל־קֵדָר וְשָׁדְדוּ אֶת־בְּנֵי־
29 קֶדֶם׃ אָהֳלֵיהֶם וְצֹאנָם יִקָּחוּ יְרִיעוֹתֵיהֶם וְכָל־כְּלֵיהֶם
ל וּגְמַלֵּיהֶם יִשְׂאוּ לָהֶם וְקָרְאוּ עֲלֵיהֶם מָגוֹר מִסָּבִיב׃ נֻסוּ
נֻּדוּ מְאֹד הֶעְמִיקוּ לָשֶׁבֶת יֹשְׁבֵי חָצוֹר נְאֻם־יְהוָה כִּי־
יָעַץ עֲלֵיכֶם נְבוּכַדְרֶאצַּר מֶלֶךְ־בָּבֶל עֵצָה וְחָשַׁב עֲלֵיהֶם
31 מַחֲשָׁבָה׃ קוּמוּ עֲלוּ אֶל־גּוֹי שְׁלֵיו יוֹשֵׁב לָבֶטַח נְאֻם־יְהוָה
32 לֹא־דְלָתַיִם וְלֹא־בְרִיחַ לוֹ בָּדָד יִשְׁכֹּנוּ׃ וְהָיוּ גְמַלֵּיהֶם
לָבַז וַהֲמוֹן מִקְנֵיהֶם לְשָׁלָל וְזֵרִתִים לְכָל־רוּחַ קְצוּצֵי פֵאָה
33 וּמִכָּל־עֲבָרָיו אָבִיא אֶת־אֵידָם נְאֻם־יְהוָה׃ וְהָיְתָה חָצוֹר
לִמְעוֹן תַּנִּים שְׁמָמָה עַד־עוֹלָם לֹא־יֵשֵׁב שָׁם אִישׁ וְלֹא־
34 יָגוּר בָּהּ בֶּן־אָדָם׃ אֲשֶׁר הָיָה דְבַר־יְהוָה אֶל־
יִרְמְיָהוּ הַנָּבִיא אֶל־עֵילָם בְּרֵאשִׁית מַלְכוּת צִדְקִיָּה מֶלֶךְ־
לה יְהוּדָה לֵאמֹר׃ כֹּה אָמַר יְהוָה צְבָאוֹת הִנְנִי שֹׁבֵר אֶת־
36 קֶשֶׁת עֵילָם רֵאשִׁית גְּבוּרָתָם׃ וְהֵבֵאתִי אֶל־עֵילָם אַרְבַּע
רוּחוֹת מֵאַרְבַּע קְצוֹת הַשָּׁמַיִם וְזֵרִתִים לְכֹל הָרֻחוֹת
הָאֵלֶּה וְלֹא־יִהְיֶה הַגּוֹי אֲשֶׁר לֹא־יָבוֹא שָׁם נִדְּחֵי עוֹלָם׃
37 וְהַחְתַּתִּי אֶת־עֵילָם לִפְנֵי אֹיְבֵיהֶם וְלִפְנֵי ׀ מְבַקְשֵׁי נַפְשָׁם
וְהֵבֵאתִי עֲלֵיהֶם ׀ רָעָה אֶת־חֲרוֹן אַפִּי נְאֻם־יְהוָה וְשִׁלַּחְתִּי
38 אַחֲרֵיהֶם אֶת־הַחֶרֶב עַד כַּלּוֹתִי אוֹתָם׃ וְשַׂמְתִּי כִסְאִי

איהרע געבורטס־וועהען: 23 קעגען דמשק, פערשעמט איז חמת אונד ארפד, ווארין זייא האבען א שלעכטע הערונג געהערט, זייא זענען צוגאנגען; אין דעם ים איז זארג, ער קען ניט שטיל זיין: 24 דמשק איז שלאף געווארען, זיא האט זיך אומגעקעהרט צו אנטלויפען, אונד שרעקען האט איהר אנגענומען, אנגסט אונד וויטאגען האט איהר אנגענומען וויא א געווינערין: 25 וויא אזוי איז ניט פערלאזט דיא געלויבטע שטאט, דיא שטאט פון מיינע פרייד? 26 דארום וועלען איהרע יונגע לייט פאלען אין איהרע גאסען, אונד אלע מלחמה־לייט וועלען פערטילגט ווערען אין יענעם טאג, זאגט דער האר צבאות: 27 אונד איך וועל אנצינדען א פייער אין דיא מויער פון דמשק, אונד עס וועלען ברענגען דיא פאלאסטען פון בן־הדד: 28 קעגען קדר, אונד קעגען דעם קעניגרייך פון חצור, וואס נבוכדראצר, קעניג פון בבל האט געשלאגען, אזוי זאגט דער האר, שטעהט אויף, געהט ארויף קעגען קדר, אונד צושטערט דיא זיהן פון מזרח־לאנד: 29 זייערע געצעלטען אונד זייערע שאף וועלען זייא צונעמען, זייערע פארהאנגען אונד אלע זייערע כלים, אונד זייערע קעמעל וועלען זייא מיט זיך אוועקפיהרען, אונד זייא וועלען איבער זייא רופען א שרעק פון רינגס ארום: 30 אנטלויפט, ווערט זעהר פערוואגעלט, מאכט אייך טיף צו וואוינען איהר איינוואוינער פון חצור, זאגט דער האר, ווארין אויף אייך האט נבוכדראצר, קעניג פון בבל, איינע עצה געהאלטען, אונד ער האט אויף אייך א געדאנק געטראכט: 31 שטעהט אויף, געהט ארויף צו א רוהיג פאלק, וואס וואוינט זיכער, זאגט דער האר, ער האט קיינע טהירען אונד קיינע ריגלען, ער וואוינט גאנץ אליין: 32 אונד זייערע קעמעל וועלען זיין צו רויב, אונד דיא פערזאמלונג פון זייערע שאף וועלען (אויך) זיין צו פלינדערונג, אונד איך וועל זייא צושפרייטען צו אלע זייטען, דיא געשוירענע האארעקען (פיאות) אונד פון אלע זייטען וועל איך זייער אומגליק ברענגען, זאגט דער האר: 33 אונד חצור וועט זיין פאר א וואוינונג פון שאקאלען, א פערוויסטונג ביז עביג, קיין מענש וועט דארטען ניט וואוינען, אונד קיין מענשען־זוהן וועט זיך דארטען ניט אויפהאלטען: 34 דאס איז דאס ווארט פון דעם האר, וואס איז געוועזען צו ירמיהו הנביא, וועגען עילם, אין דעם אנהייב פון דער רעגירונג פון צדקיהו, קעניג פון יהודה, אזוי צו זאגען: 35 אזוי זאגט דער האר צבאות, זעה, איך צוברעך דעם בויגען פון עילם, דאס הויפט פון זייערע שטארקייט: 36 אונד איך וועל ברענגען איבער עילם פיער ווינדען (רוחות) פון דיא פיער עקען פון דעם הימעל, אונד איך וועל זייא צושפרייטען צו אלע דיא דאזיגע ווינדען, אונד עס וועט ניט זיין א פאלק וואס וועלען ניט דארט אריינקומען דיא פערשטויסענע פון עילם: 37 אונד איך וועל צוברעכען עילם פאר זייערע פיינד, אונד פאר דיא בעגעהרען זייערע זעעלע, אונד איך וועל איבער זייא שלעכטעס ברענגען, מיין גרימצארן, זאגט דער האר, אונד איך וועל הינטער זייא שיקען דאס שווערד, ביז איך וועל זייא פערלענדען: 38 אונד איך וועל מיין שטוהל שטעלען

אין

כְּעֵילָם וְהַאֲבַדְתִּי מִשָּׁם מֶלֶךְ וְשָׂרִים נְאֻם־יְהוָה׃ וְהָיָה ׀ 39
בְּאַחֲרִית הַיָּמִים אָשׁוּב אֶת־שְׁבִית עֵילָם נְאֻם־יְהוָה׃

נ

הַדָּבָר אֲשֶׁר דִּבֶּר יְהוָה אֶל־בָּבֶל אֶל־אֶרֶץ כַּשְׂדִּים בְּיַד א
יִרְמְיָהוּ הַנָּבִיא׃ הַגִּידוּ בַגּוֹיִם וְהַשְׁמִיעוּ וּשְׂאוּ־נֵס הַשְׁמִיעוּ 2
אַל־תְּכַחֵדוּ אִמְרוּ נִלְכְּדָה בָבֶל הֹבִישׁ בֵּל חַת מְרֹדָךְ
הֹבִישׁוּ עֲצַבֶּיהָ חַתּוּ גִלּוּלֶיהָ׃ כִּי עָלָה עָלֶיהָ גּוֹי מִצָּפוֹן 3
הוּא־יָשִׁית אֶת־אַרְצָהּ לְשַׁמָּה וְלֹא־יִהְיֶה יוֹשֵׁב בָּהּ מֵאָדָם
וְעַד־בְּהֵמָה נָדוּ הָלָכוּ׃ בַּיָּמִים הָהֵמָּה וּבָעֵת הַהִיא נְאֻם־ 4
יְהוָה יָבֹאוּ בְנֵי־יִשְׂרָאֵל הֵמָּה וּבְנֵי־יְהוּדָה יַחְדָּו הָלוֹךְ וּבָכוֹ
יֵלֵכוּ וְאֶת־יְהוָה אֱלֹהֵיהֶם יְבַקֵּשׁוּ׃ צִיּוֹן יִשְׁאָלוּ דֶּרֶךְ הֵנָּה ה
פְנֵיהֶם בֹּאוּ וְנִלְווּ אֶל־יְהוָה בְּרִית עוֹלָם לֹא תִשָּׁכֵחַ׃
צֹאן אֹבְדוֹת הָיָה עַמִּי רֹעֵיהֶם הִתְעוּם הָרִים שׁוֹבְבִים מֵהַר 6
אֶל־גִּבְעָה הָלָכוּ שָׁכְחוּ רִבְצָם׃ כָּל־מוֹצְאֵיהֶם אֲכָלוּם 7
וְצָרֵיהֶם אָמְרוּ לֹא נֶאְשָׁם תַּחַת אֲשֶׁר חָטְאוּ לַיהוָה נְוֵה־
צֶדֶק וּמִקְוֵה אֲבוֹתֵיהֶם יְהוָה׃ נֻדוּ מִתּוֹךְ בָּבֶל וּמֵאֶרֶץ 8
כַּשְׂדִּים יֵצֵאוּ וִהְיוּ כְּעַתּוּדִים לִפְנֵי־צֹאן׃ כִּי הִנֵּה אָנֹכִי 9
מֵעִיר וּמַעֲלֶה עַל־בָּבֶל קְהַל־גּוֹיִם גְּדֹלִים מֵאֶרֶץ צָפוֹן
וְעָרְכוּ לָהּ מִשָּׁם תִּלָּכֵד חִצָּיו כְּגִבּוֹר מַשְׁכִּיל לֹא יָשׁוּב
רֵיקָם׃ וְהָיְתָה כַשְׂדִּים לְשָׁלָל כָּל־שֹׁלְלֶיהָ יִשְׂבָּעוּ נְאֻם־ י
יְהוָה׃ כִּי תִשְׂמְחִי כִּי תַעַלְזִי שֹׁסֵי נַחֲלָתִי כִּי תָפוּשִׁי 11
כְּעֶגְלָה דָשָׁה וְתִצְהֲלִי כָּאֲבִּרִים׃ בּוֹשָׁה אִמְּכֶם מְאֹד 12
חָפְרָה יוֹלַדְתְּכֶם הִנֵּה אַחֲרִית גּוֹיִם מִדְבָּר צִיָּה וַעֲרָבָה׃
מִקֶּצֶף יְהוָה לֹא תֵשֵׁב וְהָיְתָה שְׁמָמָה כֻּלָּהּ כֹּל עֹבֵר עַל־ 13
בָּבֶל יִשֹּׁם וְיִשְׁרֹק עַל־כָּל־מַכּוֹתֶיהָ׃ עִרְכוּ עַל־בָּבֶל ׀ 14
סָבִיב כָּל־דֹּרְכֵי קֶשֶׁת יְדוּ אֵלֶיהָ אַל־תַּחְמְלוּ אֶל־חֵץ כִּי

אִין עֵילָם, אוּנד אִיךְ װעל פוּן דָארְט פֶערְטִילְגֶען דֶעם קֶענִיג, אוּנד דִיא פִירְשְׁטֶען, זָאגְט דֶער הַאר: 39 אוּנד עֶס װעט זַיין אַם עֶנְד פוּן דִיא טֶעג, אַזוֹי װעל אִיךְ צוּרִיקְקֶעהְרֶען דִיא גֶעפַאנְגֶענְשַׁאפְט פוּן עֵילָם, זָאגְט דֶער הַאר:

## קאפיטעל נ

1 דָאס אִיז דָאס װָארְט, װָאס דֶער הַאר הָאט גֶערֶעט קֶעגֶען בָּבֶל, קֶעגֶען דֶעם לַאנְד פוּן דִיא כַּשְׂדִים, דוּרְךְ יִרְמְיָהוּ הַנָּבִיא: 2 זָאגְט עֶס אָן צְװִישֶׁען דִיא פֶעלְקֶער, אוּנד מַאכְט עֶס הֶערֶען, אוּנד דֶערְהֶעבְּט אַ פָאהְן, מַאכְט עֶס הֶערֶען, אִיהר זָאלְט עֶס נִיט פֶערְלֵייקֶענֶען, זָאגְט, בָּבֶל אִיז בֶּעצְװָאוּנְגֶען גֶעװָארֶען, בֵּל אִיז פֶערְשֶׁעמְט, מְרוֹדָךְ אִיז צוּבְּרָאכֶען, אִיהְרֶע גֶעצֶענְבִּילְדֶער זֶענֶען צוּ שַׁאנְד אִיהְרֶע אוּמְװִירְדִיגְקֵייטֶען זֶענֶען צוּבְּרָאכֶען: 3 װָארִין אַ פָאלְק גֶעהְט אַרוֹיף קֶעגֶען אִיהר פוּן צָפוֹן־זֵייט, אוּנד עֶר װעט אִיהר לַאנְד װִיסְט מַאכֶען, אוּנד עֶס װעט אִין אִיהר קֵיין אֵיינְװָאוֹינֶער נִיט זַיין; פוּן מֶענְשֶׁען בִּיז בְּהֵמוֹת פֶערְװָאגֶעלְן זֵייא זִיךְ, אוּנד גֶעהֶען אַװעק: 4 אִין יֶענֶע טֶעג, אוּנד אִין יֶענֶער צַייט, זָאגְט דֶער הַאר, װֶעלֶען דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל קוּמֶען, זֵייא אוּנד דִיא קִינְדֶער פוּן יְהוּדָה צוּזַאמֶען, זֵייא װֶעלֶען גֶעהְן, װֵיינֶענְדִיג װֶעלֶען זֵייא גֶעהְן, אוּנד זֵייא װֶעלֶען זוּכֶען דֶעם הַאר זֵייעֶר גָאט: 5 קֵיין צִיּוֹן װֶעלֶען זֵייא זִיךְ פְרֶעגֶען, זֵייעֶר פָּנִים (קֶעהְרְט זִיךְ) אוֹיף דֶעם װֶעג אַהִין; קוּמְט, אוּנד לָאזֶען מִיר זִיךְ בֶּעהֶעפְטֶען צוּ דֶעם הַאר, דֶער עֶבִּיגֶער בְּרִית (בּוּנְד) װָאס װעט נִיט פֶערְגֶעסֶען װֶערֶען: 6 פֶערְלוֹירֶענֶע שָׁאף זֶענֶען גֶעװֶעזֶען מֵיין פָאלְק, זֵיירֶע פַּאסְטוּכֶער הָאבֶּען זֵייא פֶערְפִיהְרְט אוֹיף װִילְדֶע בֶּערְג, פוּן דֶעם בַּארְג צוּ דֶעם הִיגֶעל זֶענֶען זֵייא גֶעגַאנְגֶען, זֵייא הָאבֶּען פֶערְגֶעסֶען זֵייעֶר לַאגֶערוּנְגְס־אָרְט: 7 אַלֶע װָאס הָאבֶּען זֵייא גֶעפוּנֶען, הָאבֶּען זֵייא גֶעגֶעסֶען, אוּנד זֵיירֶע בֶּעדְרֶענְגֶער הָאבֶּען גֶעזָאגְט, מִיר זֶענֶען נִיט שׁוּלְדִיג, װֵייל זֵייא הָאבֶּען גֶעזִינְדִיגְט קֶעגֶען דֶעם הַאר, װָאס אִיז דִיא װֵיידֶע פוּן גֶערֶעכְטִיגְקֵייט אוּנד דִיא הָאפְנוּנְג פוּן זֵיירֶע עֶלְטֶערְן, קֶעגֶען דֶעם הַאר: 8 פֶערְװָאנְגֶעלְט אֵייךְ פוּן בָּבֶל, אוּנד גֶעהְט אַרוֹיס פוּן דֶעם לַאנְד פוּן דִיא כַּשְׂדִים, אוּנד זַייט װִיא דִיא בֶּעק פָאר דִיא שָׁאף: 9 װָארִין זֶעה, אִיךְ דֶערְװֶעק אוּנד בְּרֶענְג אַרוֹיף קֶעגֶען בָּבֶל אַ פֶערְזַאמְלוּנְג פוּן גְרוֹיסֶע פֶעלְקֶער, פוּן דֶעם לַאנְד פוּן צָפוֹן־זֵייט, אוּנד זֵייא װֶעלֶען זִיךְ קֶעגֶען אִיהר צוּבְּרֵייטֶען, פוּן דָארְט װעט זִיא אֵיינְגֶענוּמֶען װֶערֶען, זֵיינֶע פֵיילֶען זֶענֶען װִיא אַ קְלוּגֶער הֶעלְד װָאס קֶעהְרְט זִיךְ נִיט צוּרִיק לֶעדִיג: 10 אוּנד כַּשְׂדִים װעט זַיין צוּ זַאק־רוֹיב, אַלֶע דִיא װָאס רוֹיבֶּען אִיהר װֶעלֶען זַאט װֶערֶען, זָאגְט דֶער הַאר: 11 װֵייל אִיהר הָאט אֵייךְ גֶעפְרֵייט, װֵייל אִיהר הָאט אֵייךְ בֶּערִימְט אִיהר רוֹיבֶּער פוּן מֵיין נַחֲלָה, װָארִין אִיהר זֶענְט פֶעט גֶעװָארֶען אַזוֹי װִיא אַ קַאלְבּ װָאס דְרֶעשְׁט, אוּנד אִיהר הָאט גֶעלַארְמְט אַזוֹי װִיא דִיא שְׁטַארְקֶע פֶערְד: 12 אֵיירֶע מוּטֶער װֶערְט זֶעהְר פֶערְשֶׁעהְמְט, אוּנד אֵיירֶע גֶעװִינֶערִין װֶערְט בֶּלַאס; זֶעה, דֶער סוֹף פוּן דִיא פֶעלְקֶער (װעט זַיין) אַ טְרוּקֶענֶע אוּנד אַ צוּשְׁטֶערְטֶע מִדְבָּר: 13 פוּן װֶעגֶען דֶעם צָארְן פוּן דֶעם הַאר, װעט זִיא נִיט בֶּעװָאוֹינְט װֶערֶען, נֵייעֶרְט זִיא װעט אִים גַאנְצֶען פֶערְװִיסְט זַיין, אִיטְלִיכֶער װָאס װעט פֶערְבֵּייא גֶעהְן פָאר בָּבֶל װעט עֶרְשְׁטוֹינֶען אוּנד װעט שְׁפָּאטֶען אִיבֶּער אַלֶע אִיהְרֶע װוּנְדֶען: 14 בְּרֵייט אֵייךְ צוּ אוֹיף צוּ בָּבֶל רִינְגְס אַרוּם, אַלֶע דִיא װָאס שְׁפַּאנֶען דֶעם בּוֹיגֶען, װַארְפְט צוּ אִיהר, שְׁפָּארְט נִיט קֵיין פֵייל, װָארִין

טו לַיהוָה חָטָאָה׃ הָרִיעוּ עָלֶיהָ סָבִיב נָתְנָה יָדָהּ נָפְלוּ
אָשְׁוִיֹּתֶיהָ נֶהֶרְסוּ חוֹמוֹתֶיהָ כִּי נִקְמַת יְהוָה הִיא הִנָּקְמוּ
16 בָהּ כַּאֲשֶׁר עָשְׂתָה עֲשׂוּ־לָהּ׃ כִּרְתוּ זוֹרֵעַ מִבָּבֶל וְתֹפֵשׂ
מַגָּל בְּעֵת קָצִיר מִפְּנֵי חֶרֶב הַיּוֹנָה אִישׁ אֶל־עַמּוֹ יִפְנוּ
17 וְאִישׁ לְאַרְצוֹ יָנֻסוּ׃ שֶׂה פְזוּרָה יִשְׂרָאֵל אֲרָיוֹת הִדִּיחוּ
הָרִאשׁוֹן אֲכָלוֹ מֶלֶךְ אַשּׁוּר וְזֶה הָאַחֲרוֹן עִצְּמוֹ נְבוּכַדְרֶאצַּר
18 מֶלֶךְ בָּבֶל׃ לָכֵן כֹּה־אָמַר יְהוָה צְבָאוֹת אֱלֹהֵי
יִשְׂרָאֵל הִנְנִי פֹקֵד אֶל־מֶלֶךְ בָּבֶל וְאֶל־אַרְצוֹ כַּאֲשֶׁר
19 פָּקַדְתִּי אֶל־מֶלֶךְ אַשּׁוּר׃ וְשֹׁבַבְתִּי אֶת־יִשְׂרָאֵל אֶל־נָוֵהוּ
וְרָעָה הַכַּרְמֶל וְהַבָּשָׁן וּבְהַר אֶפְרַיִם וְהַגִּלְעָד תִּשְׂבַּע
כ נַפְשׁוֹ׃ בַּיָּמִים הָהֵם וּבָעֵת הַהִיא נְאֻם־יְהוָה יְבֻקַּשׁ אֶת־
עֲוֺן יִשְׂרָאֵל וְאֵינֶנּוּ וְאֶת־חַטֹּאת יְהוּדָה וְלֹא תִמָּצֶאינָה כִּי
21 אֶסְלַח לַאֲשֶׁר אַשְׁאִיר׃ עַל־הָאָרֶץ מְרָתַיִם עֲלֵה
עָלֶיהָ וְאֶל־יוֹשְׁבֵי פְּקוֹד חֲרֹב וְהַחֲרֵם אַחֲרֵיהֶם נְאֻם־יְהוָה
22 וַעֲשֵׂה כְּכֹל אֲשֶׁר צִוִּיתִיךָ׃ קוֹל מִלְחָמָה בָּאָרֶץ וְשֶׁבֶר
23 גָּדוֹל׃ אֵיךְ נִגְדַּע וַיִּשָּׁבֵר פַּטִּישׁ כָּל־הָאָרֶץ אֵיךְ הָיְתָה
24 לְשַׁמָּה בָּבֶל בַּגּוֹיִם׃ יָקֹשְׁתִּי לָךְ וְגַם־נִלְכַּדְתְּ בָּבֶל וְאַתְּ
לֹא יָדָעַתְּ נִמְצֵאת וְגַם־נִתְפַּשְׂתְּ כִּי בַיהוָה הִתְגָּרִית׃
כה פָּתַח יְהוָה אֶת־אוֹצָרוֹ וַיּוֹצֵא אֶת־כְּלֵי זַעְמוֹ כִּי־מְלָאכָה
26 הִיא לַאדֹנָי יְהוִה צְבָאוֹת בְּאֶרֶץ כַּשְׂדִּים׃ בֹּאוּ־לָהּ מִקֵּץ
פִּתְחוּ מַאֲבֻסֶיהָ סָלּוּהָ כְמוֹ־עֲרֵמִים וְהַחֲרִימוּהָ אַל־תְּהִי־
27 לָהּ שְׁאֵרִית׃ חִרְבוּ כָּל־פָּרֶיהָ יֵרְדוּ לַטָּבַח הוֹי עֲלֵיהֶם
28 כִּי־בָא יוֹמָם עֵת פְּקֻדָּתָם׃ קוֹל נָסִים וּפְלֵטִים מֵאֶרֶץ
בָּבֶל לְהַגִּיד בְּצִיּוֹן אֶת־נִקְמַת יְהוָה אֱלֹהֵינוּ נִקְמַת הֵיכָלוֹ׃
29 הַשְׁמִיעוּ אֶל־בָּבֶל ׀ רַבִּים כָּל־דֹּרְכֵי קֶשֶׁת חֲנוּ עָלֶיהָ
סָבִיב אַל־יְהִי־ [לָהּ] פְּלֵיטָה שַׁלְּמוּ־לָהּ כְּפָעֳלָהּ כְּכֹל אֲשֶׁר
עָשְׂתָה עֲשׂוּ־לָהּ כִּי אֶל־יְהוָה זָדָה אֶל־קְדוֹשׁ יִשְׂרָאֵל׃

זיא האט געזינדיגט קעגען דעם האר:
15 שאלט אויף איהר רינגס ארום, זיא
האט שוין איהרע האנד געגעבען, איהרע
גרונד־פעסטונגען זענען שוין איינגעפא־
לען, איהרע מויערן זענען צושטערט
געווארען, ווארין דאס איז דיא נקמה פון
דעם האר, זייט אייך נוקם אין איהר, אזוי
וויא זיא האט געטהון, אזוי טהוט אויך
צו איהר! 16 פערשניידט דעם זייער פון
בבל, אונד דעם וואס האלט א סערפ
(זיכעל) אין דיא צייט פון דעם שניט;
ווענען דער בעדריקונג פון דעם שווערד,
לאז זיך איטליכער מאן קעהרען צו זיין
פאלק, אונד איטליכער מאן זאל אנט־
לויפען צו זיין לאנד: 17 א פערשפרייטע
שאף איז ישראל, לייבען האבען זייא
פערשטויסען, צוערשט האט איהם גע־
פרעסען דער קעניג פון אשור, אונד צו
לעצט האט איהם נבוכדראצר, דער
קעניג פון בבל, זיינע ביינער צובראכען:
18 דארום אזוי זאגט דער האר צבאות,
דער גאט פון ישראל, זעה, איך בעפעהל
דעם קעניג פון בבל אזוי וויא איך האב
בעפוילען דעם קעניג פון אשור: 19 אונד
איך וועל ישראל צו־יקברענגען צו זיינע
וואוינונג, אונד ער וועט זיך ווייידען אויף כרמל אונד אויף בשן; אונד אויף דעם בארג פון
אפרים, אונד אויף גלעד וועט זיך זיינע זעעלע זעמיגען: 20 אין דיא דאזיגע טעג אונד
אין דיא דאזיגע צייט, זאגט דער האר, וועט געזוכט ווערען דיא זינד פון ישראל, אונד עס
וועט ניט זיין, אונד דיא זינד פון יהודה, אונד עס וועט ניט געפונען ווערען, ווארין איך וועל
פערגעבען צו דעם וואס איך וועל איבערלאזען: 21 אויף דעם לאנד מרתים זאלסט דוא
ארויפגעהן צו איהר, אונד צו דיא איינוואוינער פון פקוד זאלסט דוא צושטערען אונד
פערוויסטען אונטער זייא, זאגט דער האר, אונד טהוא נאך אלעס וואס איך האב דיר
געבאטען: 22 א קול פון מלחמה איז אין דעם לאנד, אונד א גרויסער בראך: 23 וויא
איז אפגעשניטען אונד צובראכען געווארען דער האמער פון דיא גאנצע ערד! וויא
איז בבל געווארען צו ערשטוינונג אונטער אלע פעלקער! 24 איך האב דיך געשט־
רויכעלט אונד דוא ביסט אויך בעצוואונגען געווארען, דוא בבל, אונד דוא האסט
עס ניט געוואוסט, דוא ביסט געפונען געווארען אונד אויך בעצוואונגען געווארען,
ווארין דוא האסט דיך געריצט קעגען דעם האר: 25 דער האר האט אויפגעמאכט זיין
אוצר אונד ער האט ארויסגעצויגען דיא כלים פון זיין גרימצארן, ווארין דאס איז דיא
ארבייט (מלאכה) פון גאט, דעם האר צבאות, אין דעם לאנד פון דיא כשדים: 26 קומט
צו איהר פון דעם ענד (פון דער ערד), עפענט אויף איהרע געטריידע קאמערן, העבט איהר
אויף אין דער הייך וויא הויפענס פון גארבען, אונד איהר זאלט איהר פערוויס־
טען, דאס עס זאל פון איהר קיינע איבערבלייבונג ניט זיין: 27 פערוויסט אלע
איהרע אקסען, זייא זאלען צו דעם שלאכטען ארונטערנידערן, אוי וועה איז צו
זייא, ווארין זייער טאג איז געקומען, דיא צייט פון זיירע בעשטראפונג: 28 א
קול פון דיא אנטלאפענע אונד פון דיא אנטרינענע פון דעם לאנד בבל, אנצו־
זאגען אין ציון דיא נקמה פון דעם האר אונזער גאט, דיא נקמה פון זיין היכל:
29 מאכט עס הערען צו בבל, פיל, אלע דיא וואס שפאנען דעם בויגען, לאגערט
אייך אויף איהר רינגס ארום, דאס עס זאל צו איהר קיינע אנטרינונג ניט זיין,
בעצאהלט איהר נאך איהרע ווערק, אזוי וויא אלעס וואס זיא האט געטהון אזוי טהוט
צו איהר אויך, ווארין זיא האט געמוטוויליגט קעגען דעם האר, דעם הייליגען פון ישראל:

דארום

מִתְהַלֶּכֶת בֵּין הַחַיּוֹת וְנֹגַהּ לָאֵשׁ וּמִן־הָאֵשׁ יוֹצֵא בָרָק׃
14 טו וְהַחַיּוֹת רָצוֹא וָשׁוֹב כְּמַרְאֵה הַבָּזָק׃ וָאֵרֶא הַחַיּוֹת וְהִנֵּה
16 אוֹפַן אֶחָד בָּאָרֶץ אֵצֶל הַחַיּוֹת לְאַרְבַּעַת פָּנָיו׃ מַרְאֵה
הָאוֹפַנִּים וּמַעֲשֵׂיהֶם כְּעֵין תַּרְשִׁישׁ וּדְמוּת אֶחָד לְאַרְבַּעְתָּן
וּמַרְאֵיהֶם וּמַעֲשֵׂיהֶם כַּאֲשֶׁר יִהְיֶה הָאוֹפַן בְּתוֹךְ הָאוֹפָן׃
17 עַל־אַרְבַּעַת רִבְעֵיהֶן בְּלֶכְתָּם יֵלֵכוּ לֹא יִסַּבּוּ בְּלֶכְתָּן׃
18 וְגַבֵּיהֶן וְגֹבַהּ לָהֶם וְיִרְאָה לָהֶם וְגַבֹּתָם מְלֵאֹת עֵינַיִם
19 סָבִיב לְאַרְבַּעְתָּן׃ וּבְלֶכֶת הַחַיּוֹת יֵלְכוּ הָאוֹפַנִּים אֶצְלָם
כ וּבְהִנָּשֵׂא הַחַיּוֹת מֵעַל הָאָרֶץ יִנָּשְׂאוּ הָאוֹפַנִּים׃ עַל אֲשֶׁר
יִהְיֶה־שָּׁם הָרוּחַ לָלֶכֶת יֵלֵכוּ שָׁמָּה הָרוּחַ לָלֶכֶת וְהָאוֹפַנִּים
21 יִנָּשְׂאוּ לְעֻמָּתָם כִּי רוּחַ הַחַיָּה בָּאוֹפַנִּים׃ בְּלֶכְתָּם יֵלֵכוּ
וּבְעָמְדָם יַעֲמֹדוּ וּבְהִנָּשְׂאָם מֵעַל הָאָרֶץ יִנָּשְׂאוּ הָאוֹפַנִּים
22 לְעֻמָּתָם כִּי רוּחַ הַחַיָּה בָּאוֹפַנִּים׃ וּדְמוּת עַל־רָאשֵׁי
הַחַיָּה רָקִיעַ כְּעֵין הַקֶּרַח הַנּוֹרָא נָטוּי עַל־רָאשֵׁיהֶם
23 מִלְמָעְלָה׃ וְתַחַת הָרָקִיעַ כַּנְפֵיהֶם יְשָׁרוֹת אִשָּׁה אֶל־
אֲחוֹתָהּ לְאִישׁ שְׁתַּיִם מְכַסּוֹת לָהֵנָּה וּלְאִישׁ שְׁתַּיִם מְכַסּוֹת
24 לָהֵנָּה אֵת גְּוִיֹּתֵיהֶם׃ וָאֶשְׁמַע אֶת־קוֹל כַּנְפֵיהֶם כְּקוֹל
מַיִם רַבִּים כְּקוֹל־שַׁדַּי בְּלֶכְתָּם קוֹל הֲמֻלָּה כְּקוֹל מַחֲנֶה
כה בְּעָמְדָם תְּרַפֶּינָה כַנְפֵיהֶן׃ וַיְהִי־קוֹל מֵעַל לָרָקִיעַ אֲשֶׁר
26 עַל־רֹאשָׁם בְּעָמְדָם תְּרַפֶּינָה כַנְפֵיהֶן׃ וּמִמַּעַל לָרָקִיעַ
אֲשֶׁר עַל־רֹאשָׁם כְּמַרְאֵה אֶבֶן־סַפִּיר דְּמוּת כִּסֵּא וְעַל
27 דְּמוּת הַכִּסֵּא דְּמוּת כְּמַרְאֵה אָדָם עָלָיו מִלְמָעְלָה׃ וָאֵרֶא ׀
כְּעֵין חַשְׁמַל כְּמַרְאֵה־אֵשׁ בֵּית־לָהּ סָבִיב מִמַּרְאֵה מָתְנָיו
וּלְמָעְלָה וּמִמַּרְאֵה מָתְנָיו וּלְמַטָּה רָאִיתִי כְּמַרְאֵה־אֵשׁ וְנֹגַהּ
28 לוֹ סָבִיב׃ כְּמַרְאֵה הַקֶּשֶׁת אֲשֶׁר יִהְיֶה בֶעָנָן בְּיוֹם הַגֶּשֶׁם
כֵּן מַרְאֵה הַנֹּגַהּ סָבִיב הוּא מַרְאֵה דְּמוּת כְּבוֹד־יְהוָה
וָאֶרְאֶה וָאֶפֹּל עַל־פָּנַי וָאֶשְׁמַע קוֹל מְדַבֵּר׃

אַרוּיפְגֶעגַאנְגֶען צְווִישֶׁען דִיא חַיּוֹת, אוּנְד דָאס פֵייעֶר הָאט גֶעהַאט אַ גְלַאנְץ אוּנְד פוּן דֶעם פֵייעֶר אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען אַ בְּלִיץ: 14 אוּנְד דִיא לֶעבֶּעדִיגֶע חַיּוֹת זֶענֶען אַהִינְגֶעלָאפֶען אוּנְד הָאבֶּען זִיךְ צוּרִיקְגֶעקֶעהְרְט אַזוֹי וִויא דִיא גֶעשְׁטַאלְט פוּן אַ בְּלִיץ: 15 אוּנְד וֶוען אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען דִיא לֶעבֶּעדִיגֶע חַיּוֹת, זֶעה, אַזוֹי אִיז גֶעוֶועזֶען אַ רָאד אוֹיף דֶער עֶרְד נֶעבֶּען דִיא לֶעבֶּעדִיגֶע חַיּוֹת מִיט זֵיירֶע פִיעֶר פֶּענִימֶער: 16 דִיא גֶעשְׁטַאלְט פוּן דִיא רֶעדֶער אוּנְד זֵיירֶע אַרְבֵּייט אִיז גֶעוֶועזֶען אַזוֹי וִויא דִיא גֶעשְׁטַאלְט פוּן קְרִיסְטַאל, אוּנְד אַלֶע פִיעֶר הָאבֶּען גֶעהַאט אֵיינֶערְלֵייא גֶעשְׁטַאלְט, אוּנְד זֵייעֶר אָנְזֶעהֶען אוּנְד זֵיירֶע אַרְבֵּייט אִיז גֶעוֶועזֶען אַזוֹי וִויא פוּן אַ רָאד אִין דֶער מִיטֶען פוּן אַ רָאד: 17 וֶוען זֵייא זֶענֶען גֶעגַאנְגֶען, זֶענֶען זֵייא אוֹיף זֵיירֶע פִיעֶר זֵייטֶען גֶעגַאנְגֶען, זֵייא הָאבֶּען זִיךְ נִיט אוּמְגֶעקֶעהְרְט אִין זֵייעֶר גֶעהְן: 18 אוּנְד זֵייעֶר רִיקֶען אִיז אַזוֹי הוֹיךְ גֶעוֶועזֶען אַז עֶס אִיז אַ מוֹרָא גֶעוֶועזֶען זֵייא אָנְצוּזֶעהֶען, אוּנְד זֵייעֶר רִיקֶען אִיז גֶעוֶועזֶען פוּל מִיט אוֹיגֶען, רִינְגְס אַרוּם צוּ אַלֶע פִיעֶר: 19 אוּנְד וֶוען דִיא חַיּוֹת זֶענֶען גֶעגַאנְגֶען אַזוֹי זֶענֶען דִיא רֶעדֶער מִיט זֵייא גֶעגַאנְגֶען בֵּייא זֵיירֶע זֵייט, אוּנְד וֶוען דִיא חַיּוֹת זֶענֶען דֶערְהוֹיבֶּען גֶעוָוארֶען פוּן דֶער עֶרְד אַזוֹי הָאבֶּען זִיךְ דִיא רֶעדֶער אוֹיךְ דֶערְהוֹיבֶּען: 20 אַוְואוּ אַהִין דֶער רוּחַ הָאט גֶעוָואלְט גֶעהְן דָארְט אַהִין אִיז דֶער רוּחַ גֶעגַאנְגֶען, אוּנְד דִיא רֶעדֶער הָאבֶּען זִיךְ אַנְטְקֶעגֶען זֵייא דֶערְהוֹיבֶּען, וָוארִין דֶער רוּחַ פוּן דִיא חַיּוֹת אִיז גֶעוֶועזֶען אִין דִיא רֶעדֶער: 21 וֶוען זֵייא זֶענֶען גֶעגַאנְגֶען זֶענֶען זֵייא אוֹיךְ גֶעגַאנְגֶען, אוּנְד וֶוען זֵייא זֶענֶען גֶעשְׁטַאנֶען זֶענֶען זֵייא אוֹיךְ גֶעשְׁטַאנֶען, אוּנְד וֶוען זֵייא הָאבֶּען זִיךְ דֶערְהוֹיבֶּען פוּן דֶער עֶרְד, אַזוֹי הָאבֶּען זִיךְ דִיא רֶעדֶער אוֹיךְ אַנְטְקֶעגֶען זֵייא דֶערְהוֹיבֶּען, וָוארִין דֶער רוּחַ פוּן דִיא חַיּוֹת אִיז גֶעוֶועזֶען אִין דִיא רֶעדֶער: 22 אוּנְד דִיא גֶעשְׁטַאלְט פוּן דֶעם הִימֶעל אִיז גֶעוֶועזֶען אִיבֶּער דִיא קֶעפּ פוּן דִיא חַיּוֹת, אַזוֹי וִויא דִיא גֶעשְׁטַאלְט פוּן אַ פָארְכְטֶערְלִיכֶען קְרִיסְטַאל, וָואס הָאט זִיךְ פֶערְשְׁפְּרֵייט אִיבֶּער זֵיירֶע קֶעפּ פוּן אוֹיבֶּען: 23 אוּנְד אוּנְטֶער דֶעם הִימֶעל זֶענֶען זֵיירֶע פְלִיגֶעל גֶעוֶועזֶען גְלֵייךְ, אֵיינֶע קֶעגֶען דִיא אַנְדֶערֶע, צוּ אִיטְלִיכֶע (חַיָּה) אִיז גֶעוֶועזֶען צְווֵייא (פְלִיגֶעל) זִיךְ מִיט זֵייא צוּ צוּדֶעקֶען פוּן דִיזֶער זֵייט, אוּנְד צוּ אִיטְלִיכֶע צְווֵייא צוּ צוּדֶעקֶען זֵיירֶע גוּפֶען פוּן יֶענֶער־זֵייט: 24 אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעהֶערְט דָאס קוֹל פוּן זֵיירֶע פְלִיגֶעל אַזוֹי וִויא דָאס קוֹל פוּן פִילֶע וַואסֶער, אַזוֹי וִויא דָאס קוֹל פוּן דֶעם אַלְמֶעכְטִיגֶען (גָאט) וֶוען זֵייא זֶענֶען גֶעגַאנְגֶען, דָאס קוֹל פוּן זֵייעֶר רֶעדֶען אַזוֹי וִויא דָאס קוֹל פוּן אַ מַחֲנֶה; וֶוען זֵייא הָאבֶּען זִיךְ אַנִידֶערְגֶעשְׁטֶעלְט הָאבֶּען זֵייא אַרוּפְגֶעלָאזְט זֵיירֶע פְלִיגֶעל: 25 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אַ קוֹל פוּן אִיבֶּער דֶעם הִימֶעל וָואס אִיז גֶעוֶועזֶען אִיבֶּער זֵיירֶע קֶעפּ; וֶוען זֵייא הָאבֶּען זִיךְ אַנִידֶערְגֶעשְׁטֶעלְט הָאבֶּען זֵייא אַרוּפְגֶעלָאזְט זֵיירֶע פְלִיגֶעל: 26 אוּנְד פוּן אִיבֶּער דֶעם הִימֶעל וָואס אִיז אִיבֶּער זֵיירֶע קֶעפּ אִיז גֶעוֶועזֶען אַזוֹי וִויא דִיא גֶעשְׁטַאלְט פוּן אַ סַפִּיר־שְׁטֵיין אַ גֶעשְׁטַאלְט פוּן אַ טְרוֹינְשְׁטוּהְל, אוּנְד אִיבֶּער דִיא גֶעשְׁטַאלְט פוּן דֶעם טְרוֹינְשְׁטוּהְל דִיא גֶעשְׁטַאלְט אַזוֹי וִויא פוּן אַ מֶענְשׁ דַארוֹיף פוּן אוֹיבֶּען: 27 אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען אַזוֹי וִויא דִיא פַארְבּ פוּן בֶּערְנְשְׁטֵיין, אַזוֹי וִויא דָאס אָנְזֶעהֶען פוּן פֵייעֶר אִינֶעווֶעניג רִינְגְס אַרוּם, פוּן דֶעם אָנְזֶעהֶען פוּן זֵיינֶע לֶענְדֶען בִּיז נָאךְ אוֹיבֶּען, אוּנְד פוּן דֶעם אָנְזֶעהֶען פוּן זֵיינֶע לֶענְדֶען בִּיז נָאךְ אוּנְטֶען, אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען אַזוֹי וִויא דִיא גֶעשְׁטַאלְט פוּן פֵייעֶר, אוּנְד עֶס הָאט גֶעשַׁיינְט רִינְגְס אַרוּם: 28 וִויא דִיא גֶעשְׁטַאלְט פוּן אַ (רֶעגֶען) בּוֹיגֶען וָואס אִיז אִין דֶעם וָואלְקֶען אִין דֶעם טָאג וָואס רֶעגֶענְט, אַזוֹי אִיז דִיא גֶעשְׁטַאלְט פוּן דֶעם שֵׁיין רִינְגְס אַרוּם, דָאס אִיז גֶעוֶועזֶען דָאס אָנְזֶעהֶען פוּן דֶער גֶעשְׁטַאלְט פוּן דֶעם כָּבוֹד פוּן דֶעם הַאר, אוּנְד וֶוען אִיךְ הָאבּ עֶס גֶעזֶעהֶען אַזוֹי בִּין אִיךְ גֶעפַאלֶען אוֹיף מַיין פָּנִים, אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעהֶערְט אַ קוֹל רֶעדֶען:

## קאפיטעל ב

1 אונד ער האט צו מיר געזאגט, בן־
אדם שטעל דיך אויף דיינע פיס, אונד
איך וועל מיט דיר רעדען: 2 אזוי
איז צו מיר געקומען א רוח ווען ער
האט מיט מיר גערעט, אונד ער האט
מיך אויפגעשטעלט אויף מיינע פיס,
אונד איך האב געהערט דעם וואס האט
מיט מיר גערעט: 3 אונד ער האט צו
מיר געזאגט, בן־אדם איך שיק דיך צו
דיא קינדער ישראל, צו א ווידערשפעניג
פאלק, וואס האבען קעגען מיר ווידער־
געשפעניגט, זייא אונד זיירע עלטערן
האבען קעגען מיר געזינדיגט ביז צו דעם
היינטיגען טאג: 4 אונד דיא קינדער
האבען הארטע פענעמער אונד האבען
הארטע הערצער, אונד איך שיק דיך צו
זייא, אונד דוא זאלסט צו זייא זאגען,
אזוי זאגט דער האר גאט: 5 אונד זייא,
אויב זייא וועלען הערען אדער זייא
וועלען פערמיידען—וואָרין זייא זענען
א ווידערשפעניג הויז—דאך זאלען זייא
וויסען אז עס איז צווישען זייא געוועזען
א נביא: 6 אבער דוא בן־אדם זאלסט
פאר זייא קיין מורא ניט האבען, אונד פאר זיירע ווערטער זאלסט דוא קיין מורא
האבען, האטשע זייא וועלען קעגען דיר ווידערשפעניג זיין וויא דערנער, וואָרין דוא
וואוינסט וויא צווישען עגדעסען, דאך זאלסט דוא קיין מורא האבען פאר זיירע ווער־
טער, אונד פאר זיירע פענעמער זאלסט דוא דיך ניט שרעקען, וואָרין זייא זענען א
ווידערשפעניג הויז: 7 אבער דוא זאלסט צו זייא רעדען מיינע ווערטער, אויב זייא
וועלען עס הערען אדער זייא וועלען עס פערמיידען, וואָרין זייא זענען א ווי־
דערשפעניג הויז: 8 אבער דוא בן־אדם הער וואס איך וועל מיט דיר רעדען,
דוא זאלסט ניט ווידערשפעניג זיין אזוי וויא דאס ווידערשפעניגע הויז, מאך
אויף דיין מויל אונד עס וואס איך וועל דיר געבען: 9 אונד ווען איך האב
געקוקט, זעה, אזוי איז א האנד געוועזען אויסגעשטרעקט צו מיר, אונד זעה,
אין איהר איז געוועזען א ספר מגלה: 10 אונד ער האט זיא פאר מיר אויס־
געשפרייט, אונד עס איז דארין געוועזען געשריבען פון אינעווייניג אונד פון
אויסעווייניג, קלאג, אונד טרויריגקייט, אונד וועה:

ב ב
א וַיֹּאמֶר אֵלָי בֶּן־אָדָם עֲמֹד עַל־רַגְלֶיךָ וַאֲדַבֵּר אֹתָךְ׃ וַתָּבֹא 2
בִי רוּחַ כַּאֲשֶׁר דִּבֶּר אֵלַי וַתַּעֲמִדֵנִי עַל־רַגְלָי וָאֶשְׁמַע אֵת
מִדַּבֵּר אֵלָי׃ וַיֹּאמֶר אֵלַי בֶּן־אָדָם שׁוֹלֵחַ אֲנִי אוֹתְךָ 3
אֶל־בְּנֵי יִשְׂרָאֵל אֶל־גּוֹיִם הַמּוֹרְדִים אֲשֶׁר מָרְדוּ־בִי הֵמָּה
וַאֲבוֹתָם פָּשְׁעוּ בִי עַד־עֶצֶם הַיּוֹם הַזֶּה׃ וְהַבָּנִים קְשֵׁי פָנִים 4
וְחִזְקֵי־לֵב אֲנִי שׁוֹלֵחַ אוֹתְךָ אֲלֵיהֶם וְאָמַרְתָּ אֲלֵיהֶם כֹּה
ה אָמַר אֲדֹנָי יְהוִה׃ וְהֵמָּה אִם־יִשְׁמְעוּ וְאִם־יֶחְדָּלוּ כִּי בֵּית
מְרִי הֵמָּה וְיָדְעוּ כִּי נָבִיא הָיָה בְתוֹכָם׃ וְאַתָּה בֶן־אָדָם 6
אַל־תִּירָא מֵהֶם וּמִדִּבְרֵיהֶם אַל־תִּירָא כִּי סָרָבִים וְסַלּוֹנִים
אוֹתָךְ וְאֶל־עַקְרַבִּים אַתָּה יוֹשֵׁב מִדִּבְרֵיהֶם אַל־תִּירָא
וּמִפְּנֵיהֶם אַל־תֵּחָת כִּי בֵּית מְרִי הֵמָּה׃ וְדִבַּרְתָּ אֶת־דְּבָרַי 7
אֲלֵיהֶם אִם־יִשְׁמְעוּ וְאִם־יֶחְדָּלוּ כִּי מְרִי הֵמָּה׃
וְאַתָּה בֶן־אָדָם שְׁמַע אֵת אֲשֶׁר־אֲנִי מְדַבֵּר אֵלֶיךָ אַל־תְּהִי־ 8
מֶרִי כְּבֵית הַמֶּרִי פְּצֵה פִיךָ וֶאֱכֹל אֵת אֲשֶׁר־אֲנִי נֹתֵן אֵלֶיךָ׃
וָאֶרְאֶה וְהִנֵּה־יָד שְׁלוּחָה אֵלָי וְהִנֵּה־בוֹ מְגִלַּת־סֵפֶר׃ וַיִּפְרֹשׂ 9
אוֹתָהּ לְפָנַי וְהִיא כְתוּבָה פָּנִים וְאָחוֹר וְכָתוּב אֵלֶיהָ קִנִים
וָהֶגֶה וָהִי׃

ג ג
א וַיֹּאמֶר אֵלַי בֶּן־אָדָם אֵת אֲשֶׁר־תִּמְצָא אֱכוֹל אֱכוֹל אֶת־
2 הַמְּגִלָּה הַזֹּאת וְלֵךְ דַּבֵּר אֶל־בֵּית יִשְׂרָאֵל׃ וָאֶפְתַּח אֶת־
3 פִּי וַיַּאֲכִלֵנִי אֵת הַמְּגִלָּה הַזֹּאת׃ וַיֹּאמֶר אֵלַי בֶּן־אָדָם
בִּטְנְךָ תַאֲכֵל וּמֵעֶיךָ תְמַלֵּא אֵת הַמְּגִלָּה הַזֹּאת אֲשֶׁר אֲנִי
4 נֹתֵן אֵלֶיךָ וָאֹכְלָה וַתְּהִי בְּפִי כִּדְבַשׁ לְמָתוֹק׃ וַיֹּאמֶר
אֵלַי בֶּן־אָדָם לֶךְ־בֹּא אֶל־בֵּית יִשְׂרָאֵל וְדִבַּרְתָּ בִדְבָרַי
ה אֲלֵיהֶם׃ כִּי לֹא אֶל־עַם עִמְקֵי שָׂפָה וְכִבְדֵי לָשׁוֹן אַתָּה
6 שָׁלוּחַ אֶל־בֵּית יִשְׂרָאֵל׃ לֹא ׀ אֶל־עַמִּים רַבִּים עִמְקֵי שָׂפָה

## קאפיטעל ג

1 אונד ער האט צו מיר געזאגט, בן־אדם עס וואס דוא געפינסט, עס אויף
דיא דאזיגע מגלה, אונד געה אונד רעד צו דעם הויזגעזינד פון ישראל: 2 אזוי
האב איך אויפגעמאכט מיין מויל אונד ער האט מיך געמאכט עסען דיא דאזיגע
מגלה: 3 אונד ער האט צו מיר געזאגט, בן־אדם דוא זאלסט מאכען אז דיין
בויך זאל עסען, אונד דוא זאלסט אנפילען דיינע געדערם מיט דער דאזיגע מגלה
וואס איך געב צו דיר; אזוי האב איך זיא געגעסען, אונד עס איז געוועזען אין מיין
מויל אזוי זיס וויא האניג: 4 אונד ער האט צו מיר געזאגט, בן־אדם, געה, קום צו
דעם הויזגעזינד פון ישראל, אונד דוא זאלסט צו זייא רעדען מיט מיינע ווערטער:
5 וואָרין דוא ביזט ניט ארויסגעשיקט צו א פאלק וואס האט א טיף אונד שווער לשון,
נייערט צו דעם הויזגעזינד פון ישראל: 6 ניט צו פילע פעלקער וואס האבען טיפע

וְכִבְדֵי לָשׁוֹן אֲשֶׁר לֹא־תִשְׁמַע דִּבְרֵיהֶם אִם־לֹא אֲלֵיהֶם
7 שְׁלַחְתִּיךָ הֵמָּה יִשְׁמְעוּ אֵלֶיךָ׃ וּבֵית יִשְׂרָאֵל לֹא יֹאבוּ
לִשְׁמֹעַ אֵלֶיךָ כִּי־אֵינָם אֹבִים לִשְׁמֹעַ אֵלָי כִּי כָּל־בֵּית יִשְׂרָאֵל
8 חִזְקֵי־מֵצַח וּקְשֵׁי־לֵב הֵמָּה׃ הִנֵּה נָתַתִּי אֶת־פָּנֶיךָ חֲזָקִים
9 לְעֻמַּת פְּנֵיהֶם וְאֶת־מִצְחֲךָ חָזָק לְעֻמַּת מִצְחָם׃ כְּשָׁמִיר
חָזָק מִצֹּר נָתַתִּי מִצְחֶךָ לֹא־תִירָא אוֹתָם וְלֹא־תֵחַת
י מִפְּנֵיהֶם כִּי בֵּית מְרִי הֵמָּה׃ וַיֹּאמֶר אֵלַי בֶּן־אָדָם
אֶת־כָּל־דְּבָרַי אֲשֶׁר אֲדַבֵּר אֵלֶיךָ קַח בִּלְבָבְךָ וּבְאָזְנֶיךָ
11 שְׁמָע׃ וְלֵךְ בֹּא אֶל־הַגּוֹלָה אֶל־בְּנֵי עַמֶּךָ וְדִבַּרְתָּ אֲלֵיהֶם
וְאָמַרְתָּ אֲלֵיהֶם כֹּה אָמַר אֲדֹנָי יֱהֹוִה אִם־יִשְׁמְעוּ וְאִם־
12 יֶחְדָּלוּ׃ וַתִּשָּׂאֵנִי רוּחַ וָאֶשְׁמַע אַחֲרַי קוֹל רַעַשׁ גָּדוֹל
13 בָּרוּךְ כְּבוֹד־יְהֹוָה מִמְּקוֹמוֹ׃ וְקוֹל ׀ כַּנְפֵי הַחַיּוֹת מַשִּׁיקוֹת
אִשָּׁה אֶל־אֲחוֹתָהּ וְקוֹל הָאוֹפַנִּים לְעֻמָּתָם וְקוֹל רַעַשׁ
14 גָּדוֹל׃ וְרוּחַ נְשָׂאַתְנִי וַתִּקָּחֵנִי וָאֵלֵךְ מַר בַּחֲמַת רוּחִי
טו וְיַד־יְהֹוָה עָלַי חָזָקָה׃ וָאָבוֹא אֶל־הַגּוֹלָה תֵּל אָבִיב
הַיֹּשְׁבִים אֶל־נְהַר־כְּבָר וָאֵשֵׁר הֵמָּה יוֹשְׁבִים שָׁם וָאֵשֵׁב
16 שָׁם שִׁבְעַת יָמִים מַשְׁמִים בְּתוֹכָם׃ וַיְהִי מִקְצֵה
17 שִׁבְעַת יָמִים • וַיְהִי דְבַר־יְהֹוָה אֵלַי לֵאמֹר׃ בֶּן־
אָדָם צֹפֶה נְתַתִּיךָ לְבֵית יִשְׂרָאֵל וְשָׁמַעְתָּ מִפִּי דָּבָר
18 וְהִזְהַרְתָּ אוֹתָם מִמֶּנִּי׃ בְּאָמְרִי לָרָשָׁע מוֹת תָּמוּת וְלֹא
הִזְהַרְתּוֹ וְלֹא דִבַּרְתָּ לְהַזְהִיר רָשָׁע מִדַּרְכּוֹ הָרְשָׁעָה
19 לְחַיֹּתוֹ הוּא רָשָׁע בַּעֲוֺנוֹ יָמוּת וְדָמוֹ מִיָּדְךָ אֲבַקֵּשׁ׃ וְאַתָּה
כִּי־הִזְהַרְתָּ רָשָׁע וְלֹא־שָׁב מֵרִשְׁעוֹ וּמִדַּרְכּוֹ הָרְשָׁעָה הוּא
כ בַּעֲוֺנוֹ יָמוּת וְאַתָּה אֶת־נַפְשְׁךָ הִצַּלְתָּ׃ וּבְשׁוּב צַדִּיק
מִצִּדְקוֹ וְעָשָׂה עָוֶל וְנָתַתִּי מִכְשׁוֹל לְפָנָיו הוּא יָמוּת כִּי
לֹא הִזְהַרְתּוֹ בְּחַטָּאתוֹ יָמוּת וְלֹא תִזָּכַרְןָ צִדְקֹתָו אֲשֶׁר
21 עָשָׂה וְדָמוֹ מִיָּדְךָ אֲבַקֵּשׁ׃ וְאַתָּה כִּי הִזְהַרְתּוֹ צַדִּיק לְבִלְתִּי

אוּנְד שְׁווֶערֶע לְשׁוֹנוֹת וָואס דוּא קֶענְסְט נִיט פֶערְשְׁטֶעהְן זֵייעֶרֶע ווערְטֶער, (בֶּאֱמֶת) וֶוען אִיךְ וָואלְט דִיךְ צוּ זֵייא גֶעשִׁיקְט וָואלְטֶען זֵייא צוּ דִיר נִיט צוּגֶעהֶערְט? 7 אָבֶּער דָאס הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן יִשְׂרָאֵל ווִיל צוּ דִיר נִיט צוּהֶערֶען, וָוארִין זֵייא ווִילֶען צוּ מִיר (אוֹיךְ) נִיט צוּהֶערֶען, ווֵייל דָאס גַאנְצֶע הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן יִשְׂרָאֵל הָאבֶּען שְׁטַארְקֶע שְׁטֶערְן אוּנְד הַארְטֶע הֶערְצֶער: 8 זֶעה, אִיךְ הָאבּ גֶעמַאכְט דֵיין פָּנִים שְׁטַארְק קֶעגֶען זֵייעֶרֶע פֶּענֶעמֶער, אוּנְד דֵיין שְׁטֶערְן שְׁטַארְק קֶעגֶען זֵייעֶרֶע שְׁטֶערְן: 9 אַזוֹי ווִיא דֶער שָׁמִיר אִיז שְׁטַארְקֶער פוּן דֶעם שְׁטֵיין אַזוֹי הָאבּ אִיךְ דֵיין שְׁטֶערְן גֶע־מַאכְט, דוּא זָאלְסְט פַאר זֵייא קֵיין מוֹרָא נִיט הָאבֶּען, אוּנְד דוּא זָאלְסְט דִיךְ פָּאר זֵייא נִיט שְׁרֶעקֶען, וָוארִין זֵייא זֶענֶען אַ ווִידֶערְשְׁפֶּענִיג הוֹיזְגֶעזִינְד: 10 אוּנְד עֶר הָאט צוּ מִיר ווֵייטֶער גֶעזָאגְט, בֶּן־אָדָם, אַלֶע מֵיינֶע ווערְטֶער וָואס אִיךְ רֶעד צוּ דִיר, נֶעם אוֹיף אִין דֵיין הַארְץ, אוּנְד הֶער זֵייא מִיט דֵיינֶע אוֹירֶען: 11 אוּנְד גֶעה, אוּנְד קוּם צוּ דִיא פֶערְטְרִיבֶּענֶע, צוּ דִיא קִינְ־דֶער פוּן דֵיין פָאלְק, אוּנְד דוּא זָאלְסְט צוּ זֵייא רֶעדֶען, אוּנְד זָאלְסְט צוּ זֵייא זָאגֶען, אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר גָאט, אוֹיבּ זֵייא וֶועלֶען עֶס צוּהֶערֶען אָדֶער זֵייא וֶועלֶען עֶס פֶערְמֵיידֶען: 12 אַזוֹי הָאט מִיךְ אַ רוּחַ אַוֶועקְגֶע־טְרָאגֶען, אוּנְד אִיךְ הָאבּ הִינְטֶער מִיר גֶעהֶערְט אַ קוֹל פוּן אַ גְרוֹיסֶען רַעַשׁ—גֶעלוֹיבְּט אִיז דֶער כָּבוֹד פוּן דֶעם הַאר פוּן זֵיין אָרְט: 13 (אִיךְ הָאבּ אוֹיךְ גֶעהֶערְט) דָאס קוֹל פוּן דִיא חַיּוֹת וָואס הָאבֶּען גֶעקִישְׁט אֵיינֶע דִיא אַנְדֶערֶע, אוּנְד דָאס קוֹל פוּן דִיא אוֹפַנִּים (רֶעדֶער) וָואס אִיז גֶעוֶועזֶען אַנְטְקֶעגֶען זֵייא, אוּנְד דָאס קוֹל אִיז גֶעוֶועזֶען מִיט אַ גְרוֹיסֶען רַעַשׁ: 14 אוּנְד דֶער רוּחַ הָאט מִיךְ גֶעטְרָאגֶען אוּנְד אַוֶועקְגֶענוּמֶען, אוּנְד אִיךְ בִּין גֶעגַאנְגֶען אִין בִּיטֶערְקֵייט אוּנְד מִיט אַ הֵייסֶען גֶעמִיט, אָבֶּער דִיא הַאנְד פוּן דֶעם הַאר אִיז אוֹיף מִיר שְׁטַארְק גֶעוֶועזֶען: 15 אַזוֹי בִּין אִיךְ אָנְגֶעקוּמֶען צוּ דִיא פֶערְטְרִיבֶּענֶע וָואס זֶענֶען גֶעוֶועזֶען אִין תֵּל אָבִיב, וָואס הָאבֶּען גֶעווָאוֹינְט בֵּייא דֶעם טֵייךְ כְּבָר, אוּנְד אִיךְ בִּין גֶעזֶעסֶען דָארְט אַווּאוּ זֵייא זֶענֶען גֶעזֶעסֶען, אִיךְ בִּין דָארְט גֶעזֶעסֶען זִיבֶּען טֶעג פֶערְוָואוּנְדֶערְט צְווִישֶׁען זֵייא: 16 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אַן דֶעם עֶנְד פוּן דִיא זִיבֶּען טֶעג-- אַזוֹי אִיז דָאס וָוארְט פוּן דֶעם הַאר צוּ מִיר גֶעוֶועזֶען, אַזוֹי צוּ זָאגֶען: 17 בֶּן־אָדָם, אִיךְ הָאבּ דִיךְ גֶעמַאכְט פַאר אַ ווֶעכְטֶער צוּ דֶעם הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן יִשְׂרָאֵל, דָארוּם זָאלְסְט דוּא הֶערֶען דָאס וָוארְט פוּן מֵיין מוֹיל, אוּנְד דוּא זָאלְסְט זֵייא וָוארֶענֶען פוּן מִיר: 18 וֶוען אִיךְ זָאג צוּ דֶעם רָשָׁע, דוּא וֶועסְט גֶעווִיס שְׁטַארְבֶּען, אוּנְד דוּא וָוארֶענְסְט אִיהְם נִיט, אוּנְד דוּא הָאסְט נִיט גֶערֶעט כְּדֵי דֶעם רָשָׁע צוּ וָוארֶענֶען פוּן זֵיין שְׁלֶעכְטֶען ווֶעג אַז עֶר זָאל לֶעבֶּען,—דֶערְזֶעלְבִּיגֶער רָשָׁע וֶועט אִין זֵיינֶע זִינְד שְׁטַארְבֶּען, אָבֶּער זֵיין בְּלוּט וֶועל אִיךְ פוּן דֵיינֶע הַאנְד פֶערְלַאנְגֶען: 19 אָבֶּער וֶוען דוּא הָאסְט גֶעוָוארֶענְט דֶעם רָשָׁע אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ נִיט אַוֶועקְגֶעקֶעהְרְט פוּן זֵיין רִשְׁעַת אוּנְד פוּן זֵיין שְׁלֶעכְטֶען ווֶעג, עֶר וֶועט שְׁטַארְבֶּען ווֶעגֶען זֵיינֶע זִינְד, אוּנְד דוּא הָאסְט דֵיין נֶפֶשׁ מַצִּיל גֶעוֶועזֶען: 20 אוּנְד וֶוען אַ צַדִּיק קֶעהְרְט זִיךְ אַוֶועק פוּן זֵיין צִדְקוֹת, אוּנְד עֶר טְהוּט אוּמְרֶעכְט, אוּנְד אִיךְ גֶעבּ פָאר אִיהְם אַ שְׁטְרוֹיכְלוּנְג, עֶר זָאל שְׁטַארְ־בֶּען, ווֵייל דוּא הָאסְט אִיהְם נִיט גֶעוָוארֶענְט, עֶר זָאל שְׁטַארְבֶּען ווֶעגֶען זֵיינֶע זִינְד, אוּנְד זֵיין צִדְקוֹת וָואס עֶר הָאט גֶעטְהוּן זָאל נִיט דֶערְמָאנְט ווֶערֶען, אָבֶּער זֵיין בְּלוּט וֶועל אִיךְ פוּן דֵיינֶע הַאנְד פֶערְלַאנְגֶען: 21 אָבֶּער וֶוען דוּא הָאסְט דֶעם צַדִּיק גֶעוָוארֶענְט אַז עֶר זָאל נִיט

זינדיגען

חֵטְא צַדִּיק וְהוּא לֹא־חָטָא חָיוֹ יִחְיֶה כִּי נִזְהָר וְאַתָּה
22 אֶת־נַפְשְׁךָ הִצַּלְתָּ׃ וַתְּהִי עָלַי שָׁם יַד־יְהוָה וַיֹּאמֶר
23 אֵלַי קוּם צֵא אֶל־הַבִּקְעָה וְשָׁם אֲדַבֵּר אוֹתָךְ׃ וָאָקוּם
וָאֵצֵא אֶל־הַבִּקְעָה וְהִנֵּה־שָׁם כְּבוֹד־יְהוָה עֹמֵד כַּכָּבוֹד
24 אֲשֶׁר רָאִיתִי עַל־נְהַר־כְּבָר וָאֶפֹּל עַל־פָּנָי׃ וַתָּבֹא־בִי רוּחַ
וַתַּעֲמִדֵנִי עַל־רַגְלָי וַיְדַבֵּר אֹתִי וַיֹּאמֶר אֵלַי בֹּא הִסָּגֵר
כה בְּתוֹךְ בֵּיתֶךָ׃ וְאַתָּה בֶן־אָדָם הִנֵּה נָתְנוּ עָלֶיךָ עֲבוֹתִים
26 וַאֲסָרוּךָ בָּהֶם וְלֹא תֵצֵא בְּתוֹכָם׃ וּלְשׁוֹנְךָ אַדְבִּיק אֶל־
חִכֶּךָ וְנֶאֱלַמְתָּ וְלֹא־תִהְיֶה לָהֶם לְאִישׁ מוֹכִיחַ כִּי בֵּית מְרִי
27 הֵמָּה׃ וּבְדַבְּרִי אוֹתְךָ אֶפְתַּח אֶת־פִּיךָ וְאָמַרְתָּ אֲלֵיהֶם
כֹּה אָמַר אֲדֹנָי יֱהוִה הַשֹּׁמֵעַ ׀ יִשְׁמָע וְהֶחָדֵל ׀ יֶחְדָּל כִּי
בֵּית מְרִי הֵמָּה׃

ד ד

א וְאַתָּה בֶן־אָדָם קַח־לְךָ לְבֵנָה וְנָתַתָּה אוֹתָהּ לְפָנֶיךָ וְחַקּוֹתָ
2 עָלֶיהָ עִיר אֶת־יְרוּשָׁלִָם׃ וְנָתַתָּה עָלֶיהָ מָצוֹר וּבָנִיתָ
עָלֶיהָ דָּיֵק וְשָׁפַכְתָּ עָלֶיהָ סֹלְלָה וְנָתַתָּה עָלֶיהָ מַחֲנוֹת
3 וְשִׂים־עָלֶיהָ כָּרִים סָבִיב׃ וְאַתָּה קַח־לְךָ מַחֲבַת בַּרְזֶל
וְנָתַתָּה אוֹתָהּ קִיר בַּרְזֶל בֵּינְךָ וּבֵין הָעִיר וַהֲכִינֹתָה אֶת־
פָּנֶיךָ אֵלֶיהָ וְהָיְתָה בַמָּצוֹר וְצַרְתָּ עָלֶיהָ אוֹת הִיא לְבֵית
4 יִשְׂרָאֵל׃ וְאַתָּה שְׁכַב עַל־צִדְּךָ הַשְּׂמָאלִי וְשַׂמְתָּ אֶת־
עֲוֺן בֵּית־יִשְׂרָאֵל עָלָיו מִסְפַּר הַיָּמִים אֲשֶׁר תִּשְׁכַּב עָלָיו
ה תִּשָּׂא אֶת־עֲוֺנָם׃ וַאֲנִי נָתַתִּי לְךָ אֶת־שְׁנֵי עֲוֺנָם לְמִסְפַּר
יָמִים שְׁלֹשׁ־מֵאוֹת וְתִשְׁעִים יוֹם וְנָשָׂאתָ עֲוֺן בֵּית־יִשְׂרָאֵל׃
6 וְכִלִּיתָ אֶת־אֵלֶּה וְשָׁכַבְתָּ עַל־צִדְּךָ הַיְמָנִי שֵׁנִית וְנָשָׂאתָ
אֶת־עֲוֺן בֵּית־יְהוּדָה אַרְבָּעִים יוֹם יוֹם לַשָּׁנָה יוֹם לַשָּׁנָה
7 נְתַתִּיו לָךְ׃ וְאֶל־מְצוֹר יְרוּשָׁלִַם תָּכִין פָּנֶיךָ וּזְרֹעֲךָ חֲשׂוּפָה
8 וְנִבֵּאתָ עָלֶיהָ׃ וְהִנֵּה נָתַתִּי עָלֶיךָ עֲבוֹתִים וְלֹא־תֵהָפֵךְ

זִינְדִיגֶען, אוּנְד עֶר טְהוּט נִיט זִינְדִיגֶען, עֶר
זָאל גֶעוִויס לֶעבֶּען, וָוארִין עֶר הָאט זִיךְ
גֶעלָאזְט וָוארֶענֶען, אוּנְד דוּא הָאסְט דַיין
נֶפֶשׁ מַצִיל גֶעוֶועזֶען׃ 22 אוּנְד דִיא הַאנְד
פוּן דֶעם הַאר אִיז אוֹיף מִיר דָארְט גֶע־
וֶועזֶען, אוּנְד עֶר הָאט צוּ מִיר גֶעזָאגְט,
שְׁטֶעה אוֹיף, גֶעה אַרוֹים צוּ דֶעם טְהָאל
אוּנְד אִיךְ וֶועל מִיט דִיר דָארְט רֶעדֶען׃
23 אַזוֹי בִּין אִיךְ אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען אוּנְד בִּין
אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען צוּ דֶעם טְהָאל, אוּנְד זֶעה,
דֶער כָּבוֹד פוּן דֶעם הַאר אִיז דָארְט גֶעשְׁטַא־
נֶען, אַזוֹי וִויא דֶער כָּבוֹד וָואס אִיךְ הָאבּ
גֶעזֶעהֶען בֵּייא דֶעם טֵייךְ כְּבָר, אוּנְד אִיךְ
בִּין גֶעפַאלֶען אוֹיף מֵיין פָּנִים׃ 24 אוּנְד
דֶער רוּחַ הַקוֹדֶשׁ אִיז אִין מִיר אַרֵיינְגֶע־
קוּמֶען, אוּנְד עֶר הָאט מִיךְ אוֹיפְגֶעשְׁטֶעלְט
אוֹיף מֵיינֶע פִיס, אוּנְד עֶר הָאט מִיט מִיר
גֶערֶעט, אוּנְד עֶר הָאט צוּ מִיר גֶעזָאגְט,
קוּם אַרֵיין, אוּנְד פֶערְשְׁלִיס דִיךְ אִינֶעוֶוענִיג
אִין דֵיין הוֹיז׃ 25 אָבֶּער דוּא בֶּן־אָדָם,
זֶעה, זֵייא וֶועלֶען אוֹיף דִיר טְהוּן גְרָאבֶּע
שְׁטְרִיק אוּנְד מֶען וֶועט דִיךְ מִיט זֵייא
בִּינְדֶען, אָבֶּער דוּא זָאלְסְט נִיט צְווִישֶׁען
זֵייא אַרוֹיסְגֶעהְן׃ 26 אוּנְד אִיךְ וֶועל מַאכֶען בֶּעהֶעפְטֶען דֵיינֶע צוּנְג צוּ דֵיין גוּמֶע,
אוּנְד דוּא וֶועסְט שְׁטוּם וֶוערֶען, אוּנְד דוּא וֶועסְט צוּ זֵייא נִיט זֵיין אַ שְׁטְרָאפֶעדִיגֶער
מַאן, וַוייל זֵייא זֶענֶען אַ וִוידֶערְשְׁפֶּענִיג הוֹיזְגֶעזִינְד׃ 27 אָבֶּער וֶוען אִיךְ וֶועל מִיט דִיר
רֶעדֶען אַזוֹי וֶועל אִיךְ אוֹיפְמַאכֶען דֵיין מוֹיל, אוּנְד דוּא זָאלְסְט צוּ זֵייא זָאגֶען, אַזוֹי זָאגְט
דֶער הַאר גָאט, דֶער וָואס וִויל צוּהֶערֶען דֶער זָאל הֶערֶען, אָבֶּער דֶער וָואס וִויל פֶערְ־
מֵיידֶען זָאל פֶערְמֵיידֶען, וָוארִין זֵייא זֶענֶען אַ וִוידֶערְשְׁפֶּענִיג הוֹיזְגֶעזִינְד׃

## קאפיטעל ד

1 אוּנְד דוּא בֶּן־אָדָם, נֶעם דִיר אַ צִיגֶעל, אוּנְד לֶעג עֶם פָאר דִיר אַנִידֶער, אוּנְד דוּא
זָאלְסְט אוֹיף אִיהְר אוֹיסְקְרִיצֶען דִיא שְׁטָאט יְרוּשָׁלַיִם׃ 2 אוּנְד דוּא זָאלְסְט אִיבֶּער
אִיהְר (אוֹיסְמָאלֶען) אַ בֶּעלַאגֶערוּנְג, אוּנְד זָאלְסְט אִין אִיהְר בּוֹיעֶן אַ טָארֶעם, אוּנְד
זָאלְסְט אִיבֶּער אִיהְר אַרוּם שִׁיטֶען אַ שַׁאנְץ, אוּנְד זָאלְסְט אִין אִיהְר אוֹיפְשְׁטֶעלֶען מַחֲנוֹת,
אוּנְד דוּא זָאלְסְט אִיבֶּער אִיהְר מַאכֶען הִיטֶערְס רִינְגְס אַרוּם׃ 3 אוּנְד דוּא זָאלְסְט דִיר
נֶעמֶען אֵיינֶע אֵייזֶערְנֶע פֵייעֶר־פַאן, אוּנְד דוּא זָאלְסְט זִיא גֶעבֶּען פַאר אֵיינֶע אֵייזֶערְנֶע
וַואנְד צְווִישֶׁען דִיר אוּנְד דִיא שְׁטָאט, אוּנְד דוּא זָאלְסְט אָנְבְּרֵייטֶען דֵיין פָּנִים צוּ אִיהְר,
אוּנְד זִיא זָאל זֵיין צוּ אַ בֶּעלַאגֶערוּנְג, אוּנְד דוּא זָאלְסְט דִיךְ אִיבֶּער אִיהְר בֶּעלַאגֶערְן,
אוּנְד דָאס זָאל זֵיין אַ צֵייכֶען צוּ דֶעם הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן יִשְׂרָאֵל׃ 4 אוּנְד דוּא זָאלְסְט דִיךְ
לֶעגֶען אוֹיף דֵיינֶע לִינְקֶע זֵייט, אוּנְד דוּא זָאלְסְט דַארוֹיף טְהוּן דִיא זִינְד פוּן דֶעם הוֹיז־
גֶעזִינְד פוּן יִשְׂרָאֵל, נָאךְ דֶער צָאהְל פוּן דִיא טֶעג וָואס דוּא וֶועסְט לִיגֶען אוֹיף (דֶער זֵייט)
וֶועסְט דוּא טְרָאגֶען זֵייעֶרֶע זִינְד׃ 5 אוּנְד אִיךְ הָאבּ אוֹיף דִיר גֶעגֶעבֶּען דִיא יָאהְרֶען פוּן
זֵייעֶרֶע זִינְד נָאךְ דֶער צָאהְל פוּן דִיא טֶעג, דְרֵייא הוּנְדֶערְט אוּנְד נֵיינְצִיג טֶעג, אוּנְד
דֶערְמִיט וֶועסְט דוּא טְרָאגֶען דִיא זִינְד פוּן דֶעם הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן יִשְׂרָאֵל׃ 6 אוּנְד וֶוען
דוּא וֶועסְט דִיא דָאזִיגֶע הָאבֶּען גֶעעֶנְדִיגְט, אַזוֹי זָאלְסְט דוּא דִיךְ לֶעגֶען צוּ דֶעם אַנְדֶערְן
מָאל אוֹיף דֵיינֶע רֶעכְטֶע זֵייט, אוּנְד דוּא זָאלְסְט טְרָאגֶען דִיא זִינְד פוּן דֶעם הוֹיזְגֶעזִינְד
פוּן יְהוּדָה פִירְצִיג טֶעג, אִיךְ הָאבּ פַאר דִיר בֶּעשְׁטִימְט אַ טָאג פַאר אִיטְלִיכֶען יָאהְר׃
7 אוּנְד דוּא זָאלְסְט אָנְבֶּערֵייטֶען דֵיין פָּנִים צוּ דֶער בֶּעלַאגֶערוּנְג פוּן יְרוּשָׁלַיִם, אוּנְד
זָאלְסְט אוֹיפְדֶעקֶען דֵיין אָרֶעם, אוּנְד דוּא זָאלְסְט קֶעגֶען אִיהְר נְבִיאוֹת זָאגֶען׃ 8 אוּנְד
זֶעה, אִיךְ וֶועל אוֹיף דִיר גֶעבֶּען גְרָאבֶּע שְׁטְרִיק אַז דוּא זָאלְסְט דִיךְ נִיט קֶענֶען אוּמְקֶעהְרֶען
פוּן

9 מִצִּדְּךָ אֶל־צִדֶּךָ עַד־כַּלּוֹתְךָ יְמֵי מְצוּרֶךָ׃ וְאַתָּה קַח־לְךָ
חִטִּין וּשְׂעֹרִים וּפוֹל וַעֲדָשִׁים וְדֹחַן וְכֻסְּמִים וְנָתַתָּה אוֹתָם
בִּכְלִי אֶחָד וְעָשִׂיתָ אוֹתָם לְךָ לְלָחֶם מִסְפַּר הַיָּמִים אֲשֶׁר־
אַתָּה ׀ שׁוֹכֵב עַל־צִדְּךָ שְׁלֹשׁ־מֵאוֹת וְתִשְׁעִים יוֹם תֹּאכְלֶנּוּ׃
י וּמַאֲכָלְךָ אֲשֶׁר תֹּאכְלֶנּוּ בְּמִשְׁקוֹל עֶשְׂרִים שֶׁקֶל לַיּוֹם מֵעֵת
11 עַד־עֵת תֹּאכְלֶנּוּ׃ וּמַיִם בִּמְשׂוּרָה תִשְׁתֶּה שִׁשִּׁית הַהִין
12 מֵעֵת עַד־עֵת תִּשְׁתֶּה׃ וְעֻגַת שְׂעֹרִים תֹּאכְלֶנָּה וְהִיא בְּגֶלְלֵי
13 צֵאַת הָאָדָם תְּעֻגֶנָה לְעֵינֵיהֶם׃ וַיֹּאמֶר יְהוָה כָּכָה
יֹאכְלוּ בְנֵי־יִשְׂרָאֵל אֶת־לַחְמָם טָמֵא בַּגּוֹיִם אֲשֶׁר אַדִּיחֵם
14 שָׁם׃ וָאֹמַר אֲהָהּ אֲדֹנָי יֱהוִה הִנֵּה נַפְשִׁי לֹא מְטֻמָּאָה
וּנְבֵלָה וּטְרֵפָה לֹא־אָכַלְתִּי מִנְּעוּרַי וְעַד־עַתָּה וְלֹא־בָא
טו בְּפִי בְּשַׂר פִּגּוּל׃ וַיֹּאמֶר אֵלַי רְאֵה נָתַתִּי לְךָ אֶת־
צְפוּעֵי הַבָּקָר תַּחַת גֶּלְלֵי הָאָדָם וְעָשִׂיתָ אֶת־לַחְמְךָ עֲלֵיהֶם׃
16 וַיֹּאמֶר אֵלַי בֶּן־אָדָם הִנְנִי שֹׁבֵר מַטֵּה־לֶחֶם בִּירוּשָׁלִַם
וְאָכְלוּ־לֶחֶם בְּמִשְׁקָל וּבִדְאָגָה וּמַיִם בִּמְשׂוּרָה וּבְשִׁמָּמוֹן
17 יִשְׁתּוּ׃ לְמַעַן יַחְסְרוּ לֶחֶם וָמָיִם וְנָשַׁמּוּ אִישׁ וְאָחִיו
וְנָמַקּוּ בַּעֲוֺנָם׃

ה׳ ה

א וְאַתָּה בֶן־אָדָם קַח־לְךָ ׀ חֶרֶב חַדָּה תַּעַר הַגַּלָּבִים תִּקָּחֶנָּה
לָּךְ וְהַעֲבַרְתָּ עַל־רֹאשְׁךָ וְעַל־זְקָנֶךָ וְלָקַחְתָּ לְךָ מֹאזְנֵי
2 מִשְׁקָל וְחִלַּקְתָּם׃ שְׁלִשִׁית בָּאוּר תַּבְעִיר בְּתוֹךְ הָעִיר
כִּמְלֹאת יְמֵי הַמָּצוֹר וְלָקַחְתָּ אֶת־הַשְּׁלִשִׁית תַּכֶּה בַחֶרֶב
סְבִיבוֹתֶיהָ וְהַשְּׁלִשִׁית תִּזְרֶה לָרוּחַ וְחֶרֶב אָרִיק אַחֲרֵיהֶם׃
3 4 וְלָקַחְתָּ מִשָּׁם מְעַט בְּמִסְפָּר וְצַרְתָּ אוֹתָם בִּכְנָפֶיךָ׃ וּמֵהֶם
עוֹד תִּקָּח וְהִשְׁלַכְתָּ אוֹתָם אֶל־תּוֹךְ הָאֵשׁ וְשָׂרַפְתָּ אֹתָם
ה בָּאֵשׁ מִמֶּנּוּ תֵצֵא־אֵשׁ אֶל־כָּל־בֵּית יִשְׂרָאֵל׃ כֹּה אָמַר
אֲדֹנָי יֱהוִה זֹאת יְרוּשָׁלִַם בְּתוֹךְ הַגּוֹיִם שַׂמְתִּיהָ וּסְבִיבוֹתֶיהָ

פוּן אֵיינֶע זֵייט צוּ דֶער אַנְדֶערֶע זֵייט בִּיז דוּא הָאסְט גֶעעֶנְדִיגְט דִיא טֶעג פוּן דֵיינֶע בֶּעלַאגֶערוּנְג׃ 9 אוּנְד דוּא זָאלְסְט צוּ דִיר נֶעמֶען ווַייץ, אוּנְד גֶערְשְׁט, אוּנְד בָּאנֶען, אוּנְד לִינְזֶען, אוּנְד הִירְזְשׁ, אוּנְד טוּנְקֶעלְן ווַייץ, אוּנְד דוּא זָאלְסְט זֵייא אַרֵיינְטְהוּן אִין אַ כֵּלִי אוּנְד דוּא זָאלְסְט עֶס פַאר דִיר מַאכֶען אַלְם שְׁפֵּייז נָאךְ דֶער צָאל פוּן דִיא טֶעג וָואס דוּא וֶועסְט לִיגֶען אוֹיף דֵיינֶע זֵייט, דְרֵייא הוּנְדֶערְט אוּנְד נֵיינְצִיג טֶעג זָאלְסְט דוּא דַאפוּן עֶסֶען׃ 10 אוּנְד דֵיין עֶסֶען וָואס דוּא וֶועסְט עֶסֶען זָאל זַיין נָאךְ דֶעם גֶעווִיכְט צְוַואנְצִיג שֶׁקֶל פַאר אַ טָאג, פוּן צֵייט צוּ צֵייט זָאלְסְט דוּא עֶס עֶסֶען׃ 11 אוּנְד וַואסֶער זָאלְסְט דוּא טְרִינְקֶען מִיט אַ מָאס, דְהַיְינוּ אַ זֶעקְסְטֶעל הִין, פוּן צֵייט צוּ צֵייט זָאלְסְט דוּא עֶס טְרִינְקֶען׃ 12 דוּא זָאלְסְט עֶס עֶסֶען ווִיא אַ גֶערְשְׁטֶען־קִיכֶעל, דוּא זָאלְסְט עֶס בַּאקֶען מִיט מֶענְשֶׁען־צוֹאָה פַאר זֵייעֶרֶע אוֹיגֶען׃ 13 אוּנְד דֶער הַאר הָאט צוּ מִיר גֶעזָאגְט, אַזוֹי וֶועלֶען דִיא בְּנֵי יִשְׂרָאֵל עֶסֶען זֵייעֶר אוּמְרֵיין בְּרוֹיט צְווִישֶׁען דִיא גוֹיִם אַהִין וְואוּ אִיךְ וֶועל זֵייא דָארְט אַהִין פֶערְשְׁטוֹיסֶען׃ 14 אַזוֹי הָאב אִיךְ גֶעזָאגְט, אוֹי, מֵיין הַאר גָאט! זֶעה, מֵיין נֶפֶשׁ אִיז נִיט טָמֵא גֶעוָוארֶען, אִיךְ הָאב נִיט גֶעגֶעסֶען קֵיין נְבֵלָה אוּנְד קֵיין טְרֵפָה פוּן מֵיינֶע יוּגֶענְד אָן בִּיז אַהֶער, אוּנְד עֶס אִיז אוֹיךְ נִיט אַרֵיינְגֶעקוּמֶען אִין מֵיין מוֹיל קֵיין אוּמְרֵיינֶעס פְלֵייש׃ 15 אוּנְד עֶר הָאט צוּ מִיר גֶעזָאגְט, זֶעה, אִיךְ הָאב דִיר גֶעגֶעבֶּען צוֹאַת פוּן רִינְדֶער אַנְשְׁטָאט מֶענְשֶׁען־צוֹאַת, אוּנְד דוּא זָאלְסְט דֵיין בְּרוֹיט מַאכֶען דֶערְמִיט׃ 16 אוּנְד עֶר הָאט (וֵוייטֶער) צוּ מִיר גֶעזָאגְט, בֶּן־אָדָם, זֶעה, אִיךְ וֶועל צוּבְּרֶעכֶען דִיא אוּנְטֶערְלֶעהְנוּנְג פוּן בְּרוֹיט אִין יְרוּשָׁלַיִם, אוּנְד זֵייא וֶועלֶען עֶסֶען דָאס בְּרוֹיט מִיט גֶעווִיכְט אוּנְד מִיט זָארְג, אוּנְד זֵייא וֶועלֶען טְרִינְקֶען וַואסֶער מִיט מָאס אוּנְד מִיט פֶערְוְואוּנְדֶערוּנְג׃ 17 כְּדֵי עֶס זָאל זֵייא גֶעמִינֶערְט וֶוערֶען בְּרוֹיט אוּנְד וַואסֶער, אוּנְד זֵייא וֶועלֶען זִיךְ פֶערְוְואוּנְדֶערְן אֵיינֶער אִיבֶּער דֶעם אַנְדֶערְן, אוּנְד זֵייא וֶועלֶען פֶערְגֶעהְן וֶועגֶען זֵייעֶרֶע זִינְד׃

## קאַפִּיטֶעל ה

1 אוּנְד דוּא בֶּן־אָדָם, נֶעם דִיר אַ שַׁארְפֶע שְׁוֶוערְד, אַ גָאלְמֶעסֶער זָאלְסְט דוּא דִיר נֶעמֶען, אוּנְד דוּא זָאלְסְט עֶס מַאכֶען אִיבֶּערְפָאהְרֶען אִיבֶּער דֵיין קָאפּ אוּנְד אִיבֶּער דֵיין בָּארְט, אוּנְד דוּא זָאלְסְט דִיר נֶעמֶען וָואגְשָׁאלֶען אוּנְד זֵייא (דִיא הָאר) צוּטֵיילֶען׃ 2 אַ דְרִיט־חֵלֶק זָאלְסְט דוּא פֶערְבְּרֶענֶען אִים פֵייעֶר אִין מִיטֶען פוּן דֶער שְׁטָאט וֶוען דִיא טֶעג פוּן דֶער בֶּעלַאגֶערוּנְג וֶועלֶען דֶערְפִילְט זַיין, אוּנְד אַ דְרִיט־חֵלֶק זָאלְסְט דוּא נֶעמֶען אוּנְד שְׁלָאגֶען מִיט אַ שְׁוֶוערְד רִינְגְם אַרוּם, אוּנְד אַ דְרִיט־חֵלֶק זָאלְסְט דוּא פֶערְשְׁפְּרֵייטֶען צוּ דֶעם ווִינְד, אוּנְד אִיךְ וֶועל אוֹיסְצִיהֶען דָאס שְׁוֶוערְד הִינְטֶער זֵייא׃ 3 אוּנְד דוּא זָאלְסְט אוֹיךְ דֶערְפוּן נֶעמֶען וֶוענִיג אִין דֶער צָאל, אוּנְד דוּא זָאלְסְט זֵייא אֵיינְבִּינְדֶען אִין דִיא עֶקֶען (פוּן דֵיין קְלֵייד)׃ 4 אוּנְד פוּן זֵייא זָאלְסְט דוּא נָאךְ נֶעמֶען (עֶטְלִיכֶע הָאר) אוּנְד דוּא זָאלְסְט זֵייא אַהִינְוַוארְפֶען אִין מִיטֶען פֵייעֶר, אוּנְד דוּא זָאלְסְט זֵייא פֶערְבְּרֶענֶען אִים פֵייעֶר, וָוארִין פוּן זֵייא וֶועט אַרוֹיסְגֶעהְן אַ פֵייעֶר צוּ דֶעם גַאנְצֶען הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן יִשְׂרָאֵל׃ 5 אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר גָאט, דָאס אִיז יְרוּשָׁלַיִם, אִיךְ הָאבּ זִיא גֶעטְהוּן צְווִישֶׁען דִיא פֶעלְקֶער

אונד דיא לענדער וואס זענען ארינגם
ארום: 6 אונד זיא האט פערביטען מיין
משפט צו רשעות מעהר וויא דיא פעל־
קער, אונד מיינע געזעץ מעהר וויא פון
דיא לענדער וואס זענען רינגם ארום
וואָרין זייא האבען פערוואָרפען מיינע
משפטים אונד זייא זענען ניט געגאנגען
אין מיינע געזעץ: 7 דארום אזוי זאגט
דער האר גאט, ווייל איהר זענט מעהר
געוועזען פון דיא פעלקער וואס זענען
רינגם ארום אייך, אונד איהר זענט ניט
געגאנגען אין מיינע געזעץ אונד מיינע
משפטים האט איהר ניט געטהון, אונד
אפילו וויא דיא משפטים פון דיא גוים
האט איהר אויך ניט געטהון: 8 דארום
אזוי זאגט דער האר גאט, זעה, אזוי בין
איך אויך קעגען דיר. אונד איך וועל
צווישען דיר טהון משפטים פאר דיא
אויגען פון דיא פעלקער: 9 אונד איך
וועל אונטער דיר טהון דאס וואס איך
האב נאך קיינמאל ניט געטהון, אונד
איך וועל א זאלכעס ניט מעהר טהון,
פון וועגען אלע דיינע אומווערדיגקייטען:
10 דאריבער וועלען דיא פעטער עסען זיירע קינדער, אונד קינדער וועלען עסען
זיירע עלטערן, אונד איך וועל אונטער דיר געבען שטראפגעריכט, אונד איך וועל
פערשפרייטען זיירע גאנצע איבערבלייבונג צו אלע ווינדען: 11 דארום, אזוי
וואהר וויא איך לעב, זאגט דער האר גאט, באמת, ווייל דו האסט מטמא גע־
וועזען מיין בית המקדש מיט אלע דיינע אומווערדיגקייטען אונד מיט אלע דיינע
מיאוסקייטען אזוי וועל איך דיך אויך מינערן, אונד מיין אויג וועט זיך ניט
דערבארמען, אונד איך וועל איבער דיר קיין רחמנות ניט האבען: 12 א דריט־
חלק פון דיר וועט שטארבען דורך פעסטילענץ, אונד דורך הונגער זאלען זייא
צווישען דיר אומקומען, אונד א דריט־חלק וועט פאלען דורך דעם שווערד ארינגם
ארום דיר, אונד א דריט־חלק וועל איך פערשפרייטען צו אלע ווינדען, אונד
איך וועל אויסציהען דאס שווערד הינטער זייא: 13 אויף אזוי איין אופן וועט
זיך מיין צארן פערלענדען, אונד איך וועל מאכען אז מיין גרימצארן זאל אויף
זייא רוהען, אונד איך וועל מיך טרייסטען, אונד זייא זאלען וויסען אז איך דער
האר האב עס גערעט אין מיינע נקמה, ווען איך האב פערלענדט אן זייא מיין
צארן: 14 אונד איך וועל דיך געבען צו א חורבן, אונד צו א חרפה אונטער
דיא גוים וואס זענען רינגם ארום אום דיר, פאר דיא אויגען פון אלע וואס
וועלען איבערפאהרען: 15 אונד עס וועט זיין צו א חורבן, חרפה אונד א לעס־
טערונג, אונד צו שטראפונג אונד פערוואונדערונג צו דיא גוים וואס זענען רינגם
ארום דיר, ווען איך וועל אן דיר טהון שטראפגעריכט מיט צארן אונד גרימצארן
אונד מיט צארנישע שטראף, איך דער האר האב עס גערעט: 16 ווען איך וועל
צו זייא אויסשיקען דיא שלעכטע פיילען פון הונגער, וואס זענען צום פערדארר־
בען, וואס איך וועל אן זייא אויסשיקען כדי זייא צו פערדארבען, אונד איך וועל
איבער אייך פערמעהרען דעם הונגער, אונד וועל פאר אייך צובּרעכען דיא
אונטערלעהנונג פון ברויט: 17 אונד אזוי וועל איך איבער אייך אויסשיקען
הונגער, אונד א בייזע חיה, אונד זייא וועלען דיך בערויבען, אונד דיא פעסטי־
לענץ אונד בלוט וועט אן דיר איבערפאהרען, אונד איך וועל אויך איבער דיר
ברענגען א שווערד, איך דער האר האב עס גערעט:

אֲרָצוֹת: וַתֶּמֶר אֶת־מִשְׁפָּטַי לְרִשְׁעָה מִן־הַגּוֹיִם וְאֶת־ 6
חֻקּוֹתַי מִן־הָאֲרָצוֹת אֲשֶׁר סְבִיבוֹתֶיהָ כִּי בְמִשְׁפָּטַי מָאָסוּ
וְחֻקּוֹתַי לֹא־הָלְכוּ בָהֶם: לָכֵן כֹּה־אָמַר ׀ אֲדֹנָי יֱהֹוִה 7
יַעַן הֲמָנְכֶם מִן־הַגּוֹיִם אֲשֶׁר סְבִיבוֹתֵיכֶם בְּחֻקּוֹתַי לֹא
הֲלַכְתֶּם וְאֶת־מִשְׁפָּטַי לֹא עֲשִׂיתֶם וּכְמִשְׁפְּטֵי הַגּוֹיִם אֲשֶׁר
סְבִיבוֹתֵיכֶם לֹא עֲשִׂיתֶם: לָכֵן כֹּה אָמַר אֲדֹנָי יֱהֹוִה 8
הִנְנִי עָלַיִךְ גַּם־אָנִי וְעָשִׂיתִי בְתוֹכֵךְ מִשְׁפָּטִים לְעֵינֵי הַגּוֹיִם:
וְעָשִׂיתִי בָךְ אֵת אֲשֶׁר לֹא־עָשִׂיתִי וְאֵת אֲשֶׁר־לֹא־אֶעֱשֶׂה 9
כָמֹהוּ עוֹד יַעַן כָּל־תּוֹעֲבֹתָיִךְ: לָכֵן אָבוֹת יֹאכְלוּ 10
בָנִים בְּתוֹכֵךְ וּבָנִים יֹאכְלוּ אֲבוֹתָם וְעָשִׂיתִי בָךְ שְׁפָטִים
וְזֵרִיתִי אֶת־כָּל־שְׁאֵרִיתֵךְ לְכָל־רוּחַ: לָכֵן חַי־אָנִי נְאֻם 11
אֲדֹנָי יֱהֹוִה אִם־לֹא יַעַן אֶת־מִקְדָּשִׁי טִמֵּאת בְּכָל־שִׁקּוּצַיִךְ
וּבְכָל־תּוֹעֲבֹתָיִךְ וְגַם־אֲנִי אֶגְרַע וְלֹא־תָחוֹס עֵינִי וְגַם־אֲנִי
לֹא אֶחְמוֹל: שְׁלִשִׁתַיִךְ בַּדֶּבֶר יָמוּתוּ וּבָרָעָב יִכְלוּ 12
בְתוֹכֵךְ וְהַשְּׁלִשִׁית בַּחֶרֶב יִפְּלוּ סְבִיבוֹתָיִךְ וְהַשְּׁלִישִׁית
לְכָל־רוּחַ אֱזָרֶה וְחֶרֶב אָרִיק אַחֲרֵיהֶם: וְכָלָה אַפִּי וַהֲנִחוֹתִי 13
חֲמָתִי בָּם וְהִנֶּחָמְתִּי וְיָדְעוּ כִּי־אֲנִי יְהוָה דִּבַּרְתִּי בְּקִנְאָתִי
בְּכַלּוֹתִי חֲמָתִי בָּם: וְאֶתְּנֵךְ לְחָרְבָּה וּלְחֶרְפָּה בַּגּוֹיִם 14
אֲשֶׁר סְבִיבוֹתָיִךְ לְעֵינֵי כָּל־עוֹבֵר: וְהָיְתָה חֶרְפָּה וּגְדוּפָה טו
מוּסָר וּמְשַׁמָּה לַגּוֹיִם אֲשֶׁר סְבִיבוֹתָיִךְ בַּעֲשׂוֹתִי בָךְ
שְׁפָטִים בְּאַף וּבְחֵמָה וּבְתֹכְחוֹת חֵמָה אֲנִי יְהוָה דִּבַּרְתִּי:
בְּשַׁלְּחִי אֶת־חִצֵּי הָרָעָב הָרָעִים בָּהֶם אֲשֶׁר־הָיוּ לְמַשְׁחִית 16
אֲשֶׁר־אֲשַׁלַּח אוֹתָם לְשַׁחֶתְכֶם וְרָעָב אֹסֵף עֲלֵיכֶם
וְשָׁבַרְתִּי לָכֶם מַטֵּה־לָחֶם: וְשִׁלַּחְתִּי עֲלֵיכֶם רָעָב וְחַיָּה 17
רָעָה וְשִׁכְּלֻךְ וְדֶבֶר וָדָם יַעֲבָר־בָּךְ וְחֶרֶב אָבִיא עָלַיִךְ אֲנִי
יְהוָה דִּבַּרְתִּי:

אונד

ו

2 א וַיְהִי דְבַר־יְהוָה אֵלַי לֵאמֹר: בֶּן־אָדָם שִׂים פָּנֶיךָ אֶל־הָרֵי
3 יִשְׂרָאֵל וְהִנָּבֵא אֲלֵיהֶם: וְאָמַרְתָּ הָרֵי יִשְׂרָאֵל שִׁמְעוּ דְּבַר־
אֲדֹנָי יֱהוִה כֹּה־אָמַר אֲדֹנָי יֱהוִה לֶהָרִים וְלַגְּבָעוֹת לָאֲפִיקִים
וְלַגֵּאָיוֹת הִנְנִי אֲנִי מֵבִיא עֲלֵיכֶם חֶרֶב וְאִבַּדְתִּי בָּמוֹתֵיכֶם:
4 וְנָשַׁמּוּ מִזְבְּחוֹתֵיכֶם וְנִשְׁבְּרוּ חַמָּנֵיכֶם וְהִפַּלְתִּי חַלְלֵיכֶם
ה לִפְנֵי גִּלּוּלֵיכֶם: וְנָתַתִּי אֶת־פִּגְרֵי בְּנֵי יִשְׂרָאֵל לִפְנֵי גִּלּוּלֵיהֶם
6 וְזֵרִיתִי אֶת־עַצְמוֹתֵיכֶם סְבִיבוֹת מִזְבְּחוֹתֵיכֶם: בְּכֹל
מוֹשְׁבוֹתֵיכֶם הֶעָרִים תֶּחֱרַבְנָה וְהַבָּמוֹת תִּישָׁמְנָה לְמַעַן
יֶחֶרְבוּ וְיֶאְשְׁמוּ מִזְבְּחוֹתֵיכֶם וְנִשְׁבְּרוּ וְנִשְׁבְּתוּ גִּלּוּלֵיכֶם
7 וְנִגְדְּעוּ חַמָּנֵיכֶם וְנִמְחוּ מַעֲשֵׂיכֶם: וְנָפַל חָלָל בְּתוֹכְכֶם
8 וִידַעְתֶּם כִּי־אֲנִי יְהוָה: וְהוֹתַרְתִּי בִּהְיוֹת לָכֶם פְּלִיטֵי חֶרֶב
9 בַּגּוֹיִם בְּהִזָּרוֹתֵיכֶם בָּאֲרָצוֹת: וְזָכְרוּ פְלִיטֵיכֶם אוֹתִי בַּגּוֹיִם
אֲשֶׁר נִשְׁבּוּ־שָׁם אֲשֶׁר נִשְׁבַּרְתִּי אֶת־לִבָּם הַזּוֹנֶה אֲשֶׁר־
סָר מֵעָלַי וְאֵת עֵינֵיהֶם הַזֹּנוֹת אַחֲרֵי גִּלּוּלֵיהֶם וְנָקֹטּוּ
י בִּפְנֵיהֶם אֶל־הָרָעוֹת אֲשֶׁר עָשׂוּ לְכֹל תּוֹעֲבֹתֵיהֶם: וְיָדְעוּ
כִּי־אֲנִי יְהוָה לֹא אֶל־חִנָּם דִּבַּרְתִּי לַעֲשׂוֹת לָהֶם הָרָעָה
11 הַזֹּאת: כֹּה־אָמַר אֲדֹנָי יֱהוִה הַכֵּה בְכַפְּךָ וּרְקַע
בְּרַגְלְךָ וֶאֱמָר־אָח אֶל כָּל־תּוֹעֲבוֹת רָעוֹת בֵּית יִשְׂרָאֵל
12 אֲשֶׁר בַּחֶרֶב בָּרָעָב וּבַדֶּבֶר יִפֹּלוּ: הָרָחוֹק בַּדֶּבֶר יָמוּת
וְהַקָּרוֹב בַּחֶרֶב יִפּוֹל וְהַנִּשְׁאָר וְהַנָּצוּר בָּרָעָב יָמוּת וְכִלֵּיתִי
13 חֲמָתִי בָּם: וִידַעְתֶּם כִּי־אֲנִי יְהוָה בִּהְיוֹת חַלְלֵיהֶם בְּתוֹךְ
גִּלּוּלֵיהֶם סְבִיבוֹת מִזְבְּחוֹתֵיהֶם אֶל כָּל־גִּבְעָה רָמָה בְּכֹל
רָאשֵׁי הֶהָרִים וְתַחַת כָּל־עֵץ רַעֲנָן וְתַחַת כָּל־אֵלָה עֲבֻתָּה
14 מְקוֹם אֲשֶׁר נָתְנוּ־שָׁם רֵיחַ נִיחֹחַ לְכֹל גִּלּוּלֵיהֶם: וְנָטִיתִי
אֶת־יָדִי עֲלֵיהֶם וְנָתַתִּי אֶת־הָאָרֶץ שְׁמָמָה וּמְשַׁמָּה מִמִּדְבַּר
דִּבְלָתָה בְּכֹל מוֹשְׁבוֹתֵיהֶם וְיָדְעוּ כִּי־אֲנִי יְהוָה:

## קאפיטעל ו

1 אונד דאס ווארט פון דעם האר איז
צו מיר געוועזען, אזוי צו זאגען: 2 בן־
אדם טהוא דיין פנים צו דיא בערג פון
ישראל, אונד זאג נביאות צו זייא:
3 אונד דוא זאלסט זאגען, איהר בערג
פון ישראל הערט צו דאס ווארט פון
דעם האר גאט, אזוי זאגט דער האר
גאט צו דיא בערג אונד צו דיא הייך,
צו דיא אויסגאנג פון וואסער אונד צו
דיא טאהלען, זעה, איך וועל איבער
אייך ברענגען א שווערד, אונד איך וועל
פערטילגען איירע במות: 4 אונד איירע
מזבחות וועלען פערוויסט ווערען, אונד
איירע זון־בילדער וועלען צובראכען
ווערען, אונד איך וועל מאכען פאלען
איירע דערשלאגענע פאר איירע אפ־
געטער: 5 אונד איך וועל געבען דיא
פגרים פון דיא קינדער ישראל פאר
זייערע אפגעטער, אונד איך וועל פער־
שפרייטען זייערע ביינער רינגם ארום
איירע מזבחות: 6 אין אלע איירע
וואוינונגען וועלען דיא שטעט חרוב
ווערען, אונד דיא במות וועלען וויסט
ווערען, כדי איירע מזבחות זאלען חרוב אונד וויסט ווערען, אונד איירע אפגעטער
וועלען צובראכען אונד צושטערט ווערען, אונד איירע זון־בילדער וועלען אפ־
געשניטען ווערען, אונד איירע מעשים וועלען אויסגעמעקט ווערען: 7 אונד דיא
דערשלאגענע זאלען פאלען צווישען אייך, אונד איהר זאלט וויסען אז איך בין
דער האר: 8 אבער איך וועל איבערלאזען צו אייך עטליכע וואס וועלען אנט־
רינען פון דעם שווערד צווישען דיא פעלקער, ווען איהר וועט זיין צושפרייט
אין דיא לענדער: 9 אונד איירע אנטרינענע וועלען מיך געדענקען צווישען דיא
פעלקער אוואו זייא וועלען דארט זיין געפאנגען, ווייל איך האב צובראכען זייערע
הורישע הערצער וואס האבען זיך פון מיר אוועקגעקעהרט, אונד זייערע הורישע
אויגען וואס געהן נאך אנדערע אפגעטער, אונד זייא וועלען זיך אליין פערעקעלן
וועגען דעם שלעכטען וואס זייא האבען געטהון מיט אלע זייערע אומווערדיגקייטען:
10 אונד זייא וועלען וויסען אז איך בין דער האר, אונד דאס איך האב ניט
בחנם גערעט צו זייא דאס (גאנצע) שלעכטע צו טהון: 11 אזוי זאגט דער
האר גאט, שלאג מיט דיינע האנד, אונד קלאפ מיט דיין פוס, אונד זאג, אך
אונד וועה, פון וועגען אלע שלעכטע אומווערדיגקייטען פון דעם הויז ישראל,
וואריין זייא וועלען פאלען דורך דעם שווערד אונד דורך הונגער אונד דורך
פעסט: 12 דער וואס איז ווייט וועט שטארבען דורך פעסט, אונד דער וואס
איז נאהענט וועט פאלען דורך דאס שווערד, אונד דער וואס וועט איבערבלייבען
וועט בעלאגערט ווערען אונד שטארבען דורך הונגער, אונד אזוי וועל איך מיין
צארן אן זייא ענדיגען: 13 דערנאך וועט איהר דערקענען אז איך בין דער
האר, ווען זייערע דערשלאגענע וועלען זיין צווישען זייערע אפגעטער רינגם ארום
זייערע מזבחות, אויף איטליכען הויכען הייך, אונד אויף איטליכען שפיץ בארג,
אונד הינטער איטליכען גרינעם בוים, אונד הינטער איטליכען דיקען לינדען־בוים,
אויף דעם ארט אוואו זייא האבען דארט געגעבען א געשמאקען ריח צו אלע
זייערע אפגעטער: 14 אזוי וועל איך איבער זייא אויסשטרעקען מיינע האנד
אונד איך וועל דאס לאנד אזוי וויסט מאכען, מעהר וויסט ווי דיא מדבר דבלת,
אין אלע זייערע וואוינונגען, אונד זייא וועלען דערקענען אז איך בין דער האר:

אונד

## קאפיטעל ז

1 אונד דאס ווארט פון דעם האר איז צו
מיר געוועזען, אזוי צו זאגען: 2 אונד
דו בן־אדם, אזוי זאגט דער האר גאט,
צו דעם גאנצען לאנד פון ישראל איז
געקומען דער סוף, עס איז געקומען א
סוף אויף די פיער עקען פון דעם לאנד:
3 אצונד איז דאס ענד געקומען אויף
דיר, ווארין איך וועל אויסשיקען מיין
צארן איבער דיר, אונד איך וועל דיך
משפט'ן אזוי וויא דיינע וועג זענען,
אונד איך וועל איבער דיר געבען נאך
אלע דיינע אומווערדיגקייטען: 4 אונד
מיין אויג וועט דיך ניט פערשוינען אונד
איך וועל מיך אויך ניט דערבארמען,
נייערט איך וועל דיר בעצאלען נאך
דיינע וועגען פאר דיינע אומווערדיגע
מעשים וואס וועלען זיין צווישען דיר,
אונד איהר וועט וויסען אז איך בין דער
האר: 5 אזוי זאגט דער האר גאט, איין
אונגליק, יוא, איין איינציג אונגליק, זעה
עס קומט: 6 דאס ענד איז אנגעקומען,
יוא דאס ענד איז אנגעקומען, עס איז
קעגען דיר אויפגעוועקט, זעה, עס איז
אנגעקומען: 7 דער מארגענשטערן איז איבער דיר געקומען, דו וואס וואוינסט אין
דעם לאנד, די צייט איז אנגעקומען, דער טאג פון געטימעל איז נאהענט, אבער ניט
פון דעם ווידערשרייא פון די בערג: 8 אצונד, באלד וועל איך איבער דיר אויסגיסען
מיין גרימצארן, אונד איך וועל אן דיר ענדיגען מיין צארן, אונד איך וועל דיך משפט'ן
נאך דיינע וועג, אונד איך וועל דיר בעצאלען נאך אלע דיינע אומווערדיגקייטען:
9 אונד מיין אויג וועט (דיך) ניט פערשוינען אונד איך וועל מיך ניט דערבארמען,
נייערט נאך דיינע וועג וועל איך דיר בעצאלען, אונד נאך דיינע אומווערדיגקייטען וואס
זענען צווישען דיר; אונד איהר זאלט וויסען אז איך דער האר בין דער שלאגער:
10 זעה אן דעם טאג, זעה ער קומט אן! דער מארגענשטערן איז (שוין) ארויסגעגאנגען!
דער שטעקען האט שוין ארויסגעשפראצט, דער שטאלצער בליהט: 11 די רויבע־
רייא איז אויפגעשטאנען אלס א שלעכטער שטעקען, קיינער פון זייא וועט בלייבען,
אויך ניט פון זיירע מאסען, אונד קיינער פון זיירע (קינדער), עס וועט אויך ניט איבער
זייא געקלאגט ווערען: 12 די צייט איז אנגעקומען, דער טאג איז נאהענט געווארען,
לאז זיך ניט דער קונה פרייען אונד דער פערקויפער טרויערן, ווארין מיין גרימצארן
איז איבער די גאנצע מאסע: 13 ווארין דער מוכר וועט ניט מעהר צוריקקעהרען
צו דעם פערקויפטען, האטשע זייער לעבען איז נאך אונטער די לעבעדיגע, ווארין די
נביאה איז קעגען די גאנצע מאסע, וואס וועט ניט צוריקקעהרען, אונד קיינער וועט ניט
אין זיינער זינד זיין לעבען שטארק מאכען: 14 זייא האבען מיט דעם שופר געבלאזען,
אלעס איז אנגעברייט, אונד קיינער געהט ניט אין דער מלחמה, ווארין מיין גרימצארן איז
איבער דער גאנצער מאסע פון זייא: 15 דאס שווערד איז דרויסען, אונד די פעסט אונד
דער הונגער אינעווייניג, דער וואס איז אויף דער פעלד וועט געטייט ווערען מיט דעם
שווערד, אונד דער וואס איז אין דער שטאט וועט פון הונגער אונד דער פעסט פערדארבען
ווערען: 16 אבער די אנטרונענע פון זייא וועלען זיין וויא די טויבען אויף די בערג
אונד די טהעלער, אלע וועלען ברומען, איטליכער וועגען זיינע זינד: 17 אלע הענד
וועלען שלאף ווערען, אונד אלע קניען וועלען צוגעהן וויא וואסער: 18 אונד זייא וועלען
זיך אנגארטעלן מיט זעק, אונד א שרעקעניס וועט זייא בעדעקען, אונד אויף איטליכען
פנים וועט זיין א בושה, אונד אויף אלע זיירע קעפ וועט זיין א קאלהייט: 19 זייא
וועלען זייער זילבער אויף דער גאס ארויסווארפען, אונד זייער גאלד וועט
אומריין

ז ז

ויהי דבר־יהוה אלי לאמר: ואתה בן־אדם כה־אמר א 2
אדני יהוה לאדמת ישראל קץ בא הקץ על־ארבעת
כנפות הארץ: עתה הקץ עליך ושלחתי אפי בך 3
ושפטתיך כדרכיך ונתתי עליך את כל־תועבותיך: ולא־ 4
תחום עיני עליך ולא אחמול כי דרכיך עליך אתן
ותועבותיך בתוכך תהיין וידעתם כי־אני יהוה:
כה אמר אדני יהוה רעה אחת רעה הנה באה: קץ ה 6
בא בא הקץ הקיץ אליך הנה באה: באה הצפירה 7
אליך יושב הארץ בא העת קרוב היום מהומה ולא־הד
הרים: עתה מקרוב אשפוך חמתי עליך וכליתי אפי בך 8
ושפטתיך כדרכיך ונתתי עליך את כל־תועבותיך: ולא־ 9
תחום עיני ולא אחמול כדרכיך עליך אתן ותועבותיך
בתוכך תהיין וידעתם כי אני יהוה מכה: הנה היום י
הנה באה יצאה הצפרה צץ המטה פרח הזדון: החמס 11
קם למטה־רשע לא־מהם ולא מהמונם ולא מהמהם
ולא־נה בהם: בא העת הגיע היום הקונה אל־ישמח 12
והמוכר אל־יתאבל כי חרון אל־כל־המונה: כי המוכר 13
אל־הממכר לא ישוב ועוד בחיים חיתם כי־חזון אל־כל־
המונה לא ישוב ואיש בעונו חיתו לא־יתחזקו: תקעו 14
בתקוע והכין הכל ואין הלך למלחמה כי חרוני אל־
כל־המונה: החרב בחוץ והדבר והרעב מבית אשר טו
בשדה בחרב ימות ואשר בעיר רעב ודבר יאכלנו:
ופלטו פליטיהם והיו אל־ההרים כיוני הגאיות כלם המות 16
איש בעונו: כל־הידים תרפינה וכל־ברכים תלכנה מים: 17
וחגרו שקים וכסתה אותם פלצות ואל כל־פנים בושה 18
ובכל־ראשיהם קרחה: כספם בחוצות ישליכו וזהבם 19

לְנִדָּה יִהְיֶה כַּסְפָּם וּזְהָבָם לֹא־יוּכַל לְהַצִּילָם בְּיוֹם עֶבְרַת
יְהוָה נַפְשָׁם לֹא יְשַׂבֵּעוּ וּמֵעֵיהֶם לֹא יְמַלֵּאוּ כִּי־מִכְשׁוֹל
כ עֲוֹנָם הָיָה׃ וּצְבִי עֶדְיוֹ לְגָאוֹן שָׂמָהוּ וְצַלְמֵי תוֹעֲבֹתָם
21 שִׁקּוּצֵיהֶם עָשׂוּ בוֹ עַל־כֵּן נְתַתִּיו לָהֶם לְנִדָּה׃ וּנְתַתִּיו
22 בְּיַד־הַזָּרִים לָבַז וּלְרִשְׁעֵי הָאָרֶץ לְשָׁלָל וְחִלְּלוּהָ׃ וַהֲסִבּוֹתִי
פָנַי מֵהֶם וְחִלְּלוּ אֶת־צְפוּנִי וּבָאוּ־בָהּ פָּרִיצִים וְחִלְּלוּהָ׃
23 עֲשֵׂה הָרַתּוֹק כִּי הָאָרֶץ מָלְאָה מִשְׁפַּט דָּמִים וְהָעִיר מָלְאָה
24 חָמָס׃ וְהֵבֵאתִי רָעֵי גוֹיִם וְיָרְשׁוּ אֶת־בָּתֵּיהֶם וְהִשְׁבַּתִּי
כה גְּאוֹן עַזִּים וְנִחֲלוּ מְקַדְשֵׁיהֶם׃ קְפָדָה־בָא וּבִקְשׁוּ שָׁלוֹם
26 וָאָיִן׃ הֹוָה עַל־הֹוָה תָּבוֹא וּשְׁמֻעָה אֶל־שְׁמוּעָה תִּהְיֶה
וּבִקְשׁוּ חָזוֹן מִנָּבִיא וְתוֹרָה תֹּאבַד מִכֹּהֵן וְעֵצָה מִזְּקֵנִים׃
27 הַמֶּלֶךְ יִתְאַבָּל וְנָשִׂיא יִלְבַּשׁ שְׁמָמָה וִידֵי עַם־הָאָרֶץ
תִּבָּהַלְנָה מִדַּרְכָּם אֶעֱשֶׂה אוֹתָם וּבְמִשְׁפְּטֵיהֶם אֶשְׁפְּטֵם
וְיָדְעוּ כִּי־אֲנִי יְהוָה׃

ח ח

א וַיְהִי ׀ בַּשָּׁנָה הַשִּׁשִּׁית בַּשִּׁשִּׁי בַּחֲמִשָּׁה לַחֹדֶשׁ אֲנִי יוֹשֵׁב
בְּבֵיתִי וְזִקְנֵי יְהוּדָה יוֹשְׁבִים לְפָנָי וַתִּפֹּל עָלַי שָׁם יַד
2 אֲדֹנָי יְהוִה׃ וָאֶרְאֶה וְהִנֵּה דְמוּת כְּמַרְאֵה־אֵשׁ מִמַּרְאֵה
מָתְנָיו וּלְמַטָּה אֵשׁ וּמִמָּתְנָיו וּלְמַעְלָה כְּמַרְאֵה־זֹהַר כְּעֵין
3 הַחַשְׁמַלָה׃ וַיִּשְׁלַח תַּבְנִית יָד וַיִּקָּחֵנִי בְּצִיצִת רֹאשִׁי וַתִּשָּׂא
אֹתִי רוּחַ ׀ בֵּין־הָאָרֶץ וּבֵין־הַשָּׁמַיִם וַתָּבֵא אֹתִי יְרוּשָׁלְַמָה
בְּמַרְאוֹת אֱלֹהִים אֶל־פֶּתַח שַׁעַר הַפְּנִימִית הַפּוֹנֶה צָפוֹנָה
4 אֲשֶׁר־שָׁם מוֹשַׁב סֶמֶל הַקִּנְאָה הַמַּקְנֶה׃ וְהִנֵּה־שָׁם כְּבוֹד
ה אֱלֹהֵי יִשְׂרָאֵל כַּמַּרְאֶה אֲשֶׁר רָאִיתִי בַּבִּקְעָה׃ וַיֹּאמֶר אֵלַי
בֶּן־אָדָם שָׂא־נָא עֵינֶיךָ דֶּרֶךְ צָפוֹנָה וָאֶשָּׂא עֵינַי דֶּרֶךְ
צָפוֹנָה וְהִנֵּה מִצָּפוֹן לְשַׁעַר הַמִּזְבֵּחַ סֶמֶל הַקִּנְאָה הַזֶּה
6 בַּבִּאָה׃ וַיֹּאמֶר אֵלַי בֶּן־אָדָם הֲרֹאֶה אַתָּה מֵהֶם עֹשִׂים

אוּמְרֵיין װֶערֶען, זֵייעֶר זִילְבֶּער אוּנְד זֵייעֶר גָאלְד װֶעט זֵייא נִיט קֶענֶען מַצִיל זַיין אִין דֶעם טָאג פוּן דֶעם הַאר׳ס גְרִימְצָארְן, זֵייעֶרֶע לֵייבֶּער װֶעלֶען זֵייא נִיט זֶעטִיגֶען, אוּנְד זֵייעֶרֶע גֶעדֶערְם װֶעלֶען זֵייא נִיט אָנְפִילֶען, װָארִין זֵייעֶרֶע זִינְד אִיז גֶעװֶעזֶען זֵייעֶר שְׁטְרוֹיכְלוּנְג׃ 20 אוּנְד דִיא שֶׁענְהֵייט פוּן זֵיינֶע צִירוּנְג הָאט עֶר גֶעמַאכְט צוּ זֵיינֶע מַאיֶעסְטֶעט, אָבֶּער זֵייא הָאבֶּען דֶערְפוּן גֶעמַאכְט דִיא גֶעצֶענְ־בִּילְדֶער פוּן זֵייעֶרֶע אוּמְװֶערְדִיגְקֵייטֶען, דַארִיבֶּער הָאבּ אִיךְ עֶס צוּ זֵייא אַהִינְגֶעגֶעבֶּען צוּר פֶערְאוּנְרֵיינִיגוּנְג׃ 21 אוּנְד אִיךְ װֶעל עֶס אִיבֶּערְעֶנְטְפֶערְן אִין דִיא הֶענְד פוּן פְרֶעמְדֶע צוּ זַאקְרוֹיבּ, אוּנְד צוּ דִיא רְשָׁעִים פוּן דֶעם לַאנְד עֶס צוּ רוֹיבֶּען אוּנְד עֶס מְחַלֵל צוּ זַיין׃ 22 אִיךְ װֶעל מֵיין פָּנִים פוּן זֵייא אַװֶעקְטְהוּן װֵייל זֵייא הָאבֶּען מְחַלֵל גֶעװֶעזֶען מֵיין פֶערְ־בָּארְגֶענֶעם אָרְט, װָארִין רוֹיבֶּערְס װֶעלֶען דַארִין אַרֵיינְקוּמֶען אוּנְד זֵייא װֶעלֶען עֶס מְחַלֵל זַיין׃ 23 מַאךְ אַ קֶעט, װָארִין דָאס לַאנְד אִיז פוּל מִיט בְּלוּטְשׁוּלְדִיגֶע, אוּנְד דִיא שְׁטָאט אִיז פוּל מִיט רוֹיבֶּערֵייא׃ 24 דַארִיבֶּער װֶעל אִיךְ בְּרֶענְגֶען דִיא שְׁלֶעכְטְסְטֶע הֵיידֶען אוּנְד זֵייא װֶעלֶען זֵייעֶרֶע הֵייזֶער יַרְשׁ׳נֶען, אוּנְד אִיךְ װֶעל פֶערְשְׁטֶערֶען דִיא שְׁטָאלְצְהֵייט פוּן דִיא שְׁטַארְקֶע, אוּנְד זֵייעֶרֶע הֵיילִיגֶע עֶרְטֶער װֶעלֶען זֵייא יַרְשׁנֶ׳ן׃ 25 אַ צוּשְׁטֶערוּנְג קוּמְט אָן, אוּנְד זֵייא װֶעלֶען זוּכֶען שָׁלוֹם אָבֶּער עֶס װֶעט נִיט זַיין׃ 26 אֵיין אוּנְגְלִיק װֶעט אִיבֶּער דָאס אַנְדֶערֶע אוּנְגְלִיק קוּמֶען, אוּנְד אֵיינֶע (שְׁלֶעכְטֶע) הֶערוּנְג װֶעט זַיין אִיבֶּער דִיא אַנְדֶערֶע, אוּנְד זֵייא װֶעלֶען זוּכֶען אַ נְבִיאָה פוּן דֶעם נָבִיא, אוּנְד דִיא תּוֹרָה װֶעט פֶערְלוֹירֶען װֶערֶען פוּן דֶעם כֹּהֵן, אוּנְד דִיא עֵצָה פוּן דִיא זְקֵנִים׃ 27 דֶער מֶלֶךְ װֶעט טְרוֹיעֶרְן, אוּנְד דֶער נָשִׂיא װֶעט זִיךְ אָנְקְלֵיידֶען מִיט פֶערְװִיסְטוּנְג, אוּנְד דִיא הֶענְד פוּן דֶעם פָאלְק פוּן דֶעם לַאנְד װֶעלֶען דֶערְשְׁרָאקֶען װֶערֶען אִיךְ װֶעל צוּ זֵייא טְהוּן נָאךְ זֵייעֶרֶע אֵייגֶענֶע װֶעג, אוּנְד נָאךְ זֵייעֶרֶע מִשְׁפָּטִים װֶעל אִיךְ זֵייא מִשְׁפָּטְ׳ן, אוּנְד זֵייא זָאלֶען װִיסֶען אַז אִיךְ בִּין דֶער הַאר׃

קַאפִּיטֶעל ח

1 אוּנְד עֶס אִיז גֶעװֶעזֶען אִין דֶעם זֶעכְסְטֶען יָאהְר, אִין דֶעם זֶעכְסְטֶען חֹדֶשׁ, אִין דֶעם פִּיפְ־טֶען טָאג פוּן דֶעם חֹדֶשׁ, װֶען אִיךְ בִּין גֶעזֶעסֶען אִין מֵיין הוֹיז, אוּנְד דִיא עֶלְצְטֶע פוּן יְהוּדָה זֶענֶען פָאר מִיר גֶעזֶעסֶען, אַזוֹי אִיז דָארְט אוֹיף מִיר גֶעפַאלֶען דִיא הַאנְד פוּן דֶעם הַאר גָאט׃ 2 אוּנְד װֶען אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען, אוּנְד זֶעה (עֶס אִיז גֶעװֶעזֶען) אַ גֶעשְׁטַאלְט אַזוֹי װִיא פוּן פֵייעֶר, פוּן דֶעם אָנְזֶעהֶען פוּן זֵיינֶע לֶענְדֶען אוּנְד פוּן אוּנְטֶען (װַאר עֶס װִיא) פֵייעֶר, אוּנְד פוּן זֵיינֶע לֶענְדֶען אוּנְד נָאךְ אוֹיבֶּען, װִיא דָאס אָנְזֶעהֶען פוּן אַ גְלַאנְץ, אַזוֹי װִיא דִיא פַארְבּ פוּן בֶּערְנְשְׁטֵיין׃ 3 אוּנְד עֶר הָאט אוֹיסְגֶעשְׁטְרֶעקְט דִיא גֶעשְׁטַאלְט פוּן אַ הַאנְד אוּנְד עֶר הָאט מִיךְ אָנְגֶענוּמֶען בֵּייא דִיא הָאר־לָאקֶען פוּן מֵיין קָאפּ, אוּנְד דֶער גֵייסְט הָאט מִיךְ אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען, (גֶעטְרָאגֶען) צְװִישֶׁען הִימֶעל אוּנְד עֶרְד אוּנְד עֶר הָאט מִיךְ גֶעבְּרֶענְגְט קֵיין יְרוּשָׁלַיִם, אִין דֶער מַרְאֶה פוּן גָאט, צוּ דֶער טִיער פוּן דֶעם אִינֶעװֶענִיגֶען טוֹיעֶר, װָאס אִיז גֶעװֶעזֶען אַן דֶער צָפוֹן־זֵייט, אַװוּ עֶס אִיז דָארְט גֶעזֶעסֶען אַ גֶעצֶענְבִּילְד פוּן אֵייפֶערְזוּכְט װָאס מַאכְט אֵייפֶערְזִיכְטִיג׃ 4 אוּנְד זֶעה, דָארְט אִיז גֶעװֶעזֶען דֶער כָּבוֹד פוּן דֶעם גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל, אַזוֹי װִיא דִיא גֶעשְׁטַאלְט װָאס אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען אִין דֶעם טְהָאל׃ 5 אוּנְד עֶר הָאט צוּ מִיר גֶעזָאגְט, בֶּן־אָדָם, הֶעבּ נוּן אוֹיף דֵיינֶע אוֹיגֶען אוֹיף דֶעם װֶעג קֵיין צָפוֹן, אַזוֹי הָאבּ אִיךְ אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען מֵיינֶע אוֹיגֶען קֵיין צָפוֹן, אוּנְד זֶעה, אַן דֶער צָפוֹן־זֵייט פוּן דֶעם טוֹיעֶר בֵּייא דֶעם מִזְבֵּחַ אִיז גֶעװֶעזֶען דָאס גֶעצֶענְבִּילְד פוּן דֶער אֵייפֶערְזוּכְט בֵּייא דֶעם אַרֵיינְקוּ־מֶען׃ 6 אוּנְד עֶר הָאט צוּ מִיר גֶעזָאגְט, בֶּן־אָדָם, זֶעהְסְט דוּא װָאס זֵייא טְהוּעֶן?

תֹּעֵבוֹת גְּדֹלוֹת אֲשֶׁר בֵּית־יִשְׂרָאֵל ׀ עֹשִׂים פֹּה לְרָחֳקָה
מֵעַל מִקְדָּשִׁי וְעוֹד תָּשׁוּב תִּרְאֶה תּוֹעֵבוֹת גְּדֹלוֹת׃ וַיָּבֵא 7
אֹתִי אֶל־פֶּתַח הֶחָצֵר וָאֶרְאֶה וְהִנֵּה חֹר־אֶחָד בַּקִּיר׃
וַיֹּאמֶר אֵלַי בֶּן־אָדָם חֲתָר־נָא בַקִּיר וָאֶחְתֹּר בַּקִּיר וְהִנֵּה 8
פֶּתַח אֶחָד׃ וַיֹּאמֶר אֵלָי בֹּא וּרְאֵה אֶת־הַתּוֹעֵבוֹת הָרָעוֹת 9
אֲשֶׁר הֵם עֹשִׂים פֹּה׃ וָאָבוֹא וָאֶרְאֶה וְהִנֵּה כָל־תַּבְנִית י
רֶמֶשׂ וּבְהֵמָה שֶׁקֶץ וְכָל־גִּלּוּלֵי בֵּית יִשְׂרָאֵל מְחֻקֶּה עַל־
הַקִּיר סָבִיב ׀ סָבִיב׃ וְשִׁבְעִים אִישׁ מִזִּקְנֵי בֵית־יִשְׂרָאֵל 11
וְיַאֲזַנְיָהוּ בֶן־שָׁפָן עֹמֵד בְּתוֹכָם עֹמְדִים לִפְנֵיהֶם וְאִישׁ
מִקְטַרְתּוֹ בְּיָדוֹ וַעֲתַר עֲנַן־הַקְּטֹרֶת עֹלֶה׃ וַיֹּאמֶר אֵלַי 12
הֲרָאִיתָ בֶן־אָדָם אֲשֶׁר זִקְנֵי בֵית־יִשְׂרָאֵל עֹשִׂים בַּחֹשֶׁךְ
אִישׁ בְּחַדְרֵי מַשְׂכִּיתוֹ כִּי אֹמְרִים אֵין יְהוָה רֹאֶה אֹתָנוּ
עָזַב יְהוָה אֶת־הָאָרֶץ׃ וַיֹּאמֶר אֵלָי עוֹד תָּשׁוּב תִּרְאֶה 13
תּוֹעֵבוֹת גְּדֹלוֹת אֲשֶׁר־הֵמָּה עֹשִׂים׃ וַיָּבֵא אֹתִי אֶל־פֶּתַח 14
שַׁעַר בֵּית־יְהוָה אֲשֶׁר אֶל־הַצָּפוֹנָה וְהִנֵּה־שָׁם הַנָּשִׁים
יֹשְׁבוֹת מְבַכּוֹת אֶת־הַתַּמּוּז׃ וַיֹּאמֶר אֵלַי הֲרָאִיתָ בֶן־אָדָם טו
עוֹד תָּשׁוּב תִּרְאֶה תּוֹעֵבוֹת גְּדֹלוֹת מֵאֵלֶּה׃ וַיָּבֵא אֹתִי אֶל־ 16
חֲצַר בֵּית־יְהוָה הַפְּנִימִית וְהִנֵּה־פֶתַח הֵיכַל יְהוָה בֵּין
הָאוּלָם וּבֵין הַמִּזְבֵּחַ כְּעֶשְׂרִים וַחֲמִשָּׁה אִישׁ אֲחֹרֵיהֶם
אֶל־הֵיכַל יְהוָה וּפְנֵיהֶם קֵדְמָה וְהֵמָּה מִשְׁתַּחֲוִיתֶם קֵדְמָה
לַשָּׁמֶשׁ׃ וַיֹּאמֶר אֵלַי הֲרָאִיתָ בֶן־אָדָם הֲנָקֵל לְבֵית יְהוּדָה 17
מֵעֲשׂוֹת אֶת־הַתּוֹעֵבוֹת אֲשֶׁר עָשׂוּ־פֹה כִּי־מָלְאוּ אֶת־הָאָרֶץ
חָמָס וַיָּשֻׁבוּ לְהַכְעִיסֵנִי וְהִנָּם שֹׁלְחִים אֶת־הַזְּמוֹרָה אֶל־
אַפָּם׃ וְגַם־אֲנִי אֶעֱשֶׂה בְחֵמָה לֹא־תָחוֹס עֵינִי וְלֹא אֶחְמֹל 18
וְקָרְאוּ בְאָזְנַי קוֹל גָּדוֹל וְלֹא אֶשְׁמַע אוֹתָם׃

ט ט

וַיִּקְרָא בְאָזְנַי קוֹל גָּדוֹל לֵאמֹר קָרְבוּ פְּקֻדּוֹת הָעִיר וְאִישׁ א
כְּלִי מַשְׁחֵתוֹ בְּיָדוֹ׃ וְהִנֵּה שִׁשָּׁה אֲנָשִׁים בָּאִים ׀ מִדֶּרֶךְ 2

דיא גְרויסֶע אוּמְוֶוערְדִיגֶע מַעֲשִׂים וָואס דָאס הויזְגֶעזִינְד פוּן יִשְׂרָאֵל טְהוּן הִיעֶר, כְּדֵי אִיךְ זָאל מִיךְ דֶערְוַוייטֶערְן פוּן מֵיין בֵּית הַמִקְדָשׁ, אוּנְד וֶוען דוּא וֶועסְט דִיךְ נָאךְ אוּמְקֶעהְרֶען אַזוֹי וֶועסְט דוּא גְרֶעסֶערֶע אוּמְוֶוערְדִיגְקֵייטֶען זֶעהֶען: 7 אוּנְד עֶר הָאט מִיךְ גֶעבְּרֶענְגְט צוּ דֶער טִיעֶר פוּן דֶעם הוֹיף, אוּנְד וֶוען אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען, זֶעה אַזוֹי וַואר אַ לָאךְ אִין דֶער וַואנְד: 8 אוּנְד עֶר הָאט צוּ מִיר גֶעזָאגְט, בֶּן־אָדָם, מַאךְ דָאךְ אַ לָאךְ אִין דֶער וַואנְד, אוּנְד וֶוען אִיךְ הָאבּ גֶעגְרוּבֶּען אִין דֶער וַואנְד, זֶעה, אַזוֹי אִיז דָארְט גֶעוֶועזֶען אַ טִיעֶר: 9 אוּנְד עֶר הָאט צוּ מִיר גֶעזָאגְט, קוּם אוּנְד זֶעה דִיא שְׁלֶעכְטֶע אוּמְוֶוערְדִיגֶע מַעֲשִׂים וָואס זֵייא טְהוּן דָא: 10 אַזוֹי בִּין אִיךְ אַרֵיינְגֶעקוּמֶען אוּנְד הָאבּ גֶעזֶעהֶען, אוּנְד זֶעה, אַלֶערְלֵייא גֶעשְׁטַאלְטֶען פוּן וֶוערְם אוּנְד בְּהֵמוֹת, אוּמְוִוירְדִיגְקֵייטֶען אוּנְד אַלֶערְלֵייא גֶעצֶען פוּן דֶעם הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן יִשְׂרָאֵל זֶענֶען גֶעוֶועזֶען אוֹיסְגֶעקְרִיצְט אוֹיף דֶער וַואנְד רִינְגְס אַרוּם: 11 אוּנְד זִיבְּצִיג מֶענֶער פוּן דִיא עֶלְצְטֶע פוּן יִשְׂרָאֵל,—אוּנְד יַאֲזַנְיָהוּ זוּהְן פוּן שָׁפָן אִיז גֶעשְׁטַאנֶען צְווִישֶׁען זֵייא,—זֵייא זֶענֶען פָאר זֵייא גֶעשְׁטַאנֶען אוּנְד אִיטְלִיכֶער הָאט גֶעהַאט זֵיין רֵייכֶערְוֶוערְק אִין זֵיינֶע הַאנְד, אוּנְד אַ רוֹיךְ־וָואלְקֶען אִיז דַאפוּן אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען: 12 אוּנְד עֶר הָאט צוּ מִיר גֶעזָאגְט, בֶּן־אָדָם, הָאסְט דוּא גֶעזֶעהֶען וָואס דִיא עֶלְצְטֶע פוּן דֶעם הוֹיזְגֶעזִינְד יִשְׂרָאֵל טְהוּן אִין דֶער פִינְסְטֶערְנִיס, אִיטְלִיכֶער אִין דֶעם חֶדֶר פוּן זֵיינֶע בִּילְדֶער? וָוארִין זֵייא זָאגֶען אַז דֶער הַאר זֶעהְט אוּנְס נִיט, וָוארִין דֶער הַאר הָאט פֶערְלָאזְט דָאס לַאנְד: 13 אוּנְד עֶר הָאט צוּ מִיר גֶעזָאגְט, קֶעהְר דִיךְ נָאכְאַמָאל אוּם אַזוֹי וֶועסְט דוּא זֶעהֶען גְרֶעסֶערֶע אוּמְוֶוערְדִיגְקֵייטֶען וָואס זֵייא טְהוּן: 14 אוּנְד עֶר הָאט מִיךְ אַרֵיינְגֶעבְּרֶענְגְט צוּ דֶער טִיעֶר פוּן דֶעם טוֹיעֶר פוּן דֶעם הַאר'ס הוֹיז וָואס אִיז אוֹיף דֶער צָפוֹן־זֵייט, אוּנְד זֶעה, דָארְט זֶענֶען גֶעזֶעסֶען וַוייבֶּער וָואס הָאבֶּען בֶּעוֵויינְט דֶעם (אָפְּגָאט) תַּמּוּז: 15 אוּנְד עֶר הָאט צוּ מִיר גֶעזָאגְט, הָאסְט דוּא דָאס גֶעזֶעהֶען, אָ בֶּן־אָדָם! קֶעהְר דִיךְ נָאכְאַמָאל אוּם אַזוֹי וֶועסְט דוּא נָאךְ זֶעהֶען גְרֶעכֶערֶע אוּמְוֶוערְדִיגְקֵייטֶען ווִיא דִיא דָאזִיגֶע: 16 אוּנְד עֶר הָאט מִיךְ אַרֵיינְגֶעבְּרֶענְגְט אִין דֶעם אִינְעוֶוענִיגְסְטֶען הוֹיף פוּן דֶעם הוֹיז פוּן דֶעם הַאר, אוּנְד זֶעה, בֵּייא דֶער טִיעֶר פוּן דֶעם הֵיכַל פוּן דֶעם הַאר, צְווִישֶׁען דֶעם פָּאלִישׁ אוּנְד דֶעם מִזְבֵּחַ, (זֶענֶען גֶעשְׁטַאנֶען) אַן עֶרֶךְ פוּן פִינְף אוּנְד צְוַואנְצִיג מַאן, מִיט זֵייעֶר רִיקֶען צוּ דֶעם הַאר'ס הֵיכָל, אוּנְד זֵייעֶרֶע פֶּענְעמֶער קֶעגֶען מִזְרָח־זֵייט, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זִיךְ גֶעבִּיקְט קֶעגֶען מִזְרָח־זֵייט צוּ דֶער זוּן: 17 אוּנְד עֶר הָאט צוּ מִיר גֶעזָאגְט, בֶּן־אָדָם, הָאסְט דוּא גֶעזֶעהֶען, אִיז דָאס גְרִינְג פַאר דֶעם הוֹיזְגֶע־זִינְד פוּן יְהוּדָה אַז זֵייא טְהוּן זָאלְכֶע אוּמְוֶוערְדִיגְקֵייטֶען וָואס זֵייא טְהוּן דָא? וָוארִין זֵייא הָאבֶּען אָנְגֶעפִילְט דָאס לַאנְד מִיט רוֹיבֶּערֵייא, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זִיךְ אוּמְגֶעקֶעהְרְט מִיךְ צוּ דֶערְצָארְנֶען, אוּנְד זֶעה, זֵייא הַאלְטֶען נָאךְ דִיא צְוֵוייג בֵּייא זֵייעֶרֶע נָאז: 18 דָארִיבֶּער וֶועל אִיךְ אוֹיךְ מִיט זֵייא הַאנְדֶעלְן מִיט גְרִימְצָארְן, מֵיין אוֹיג וֶועט נִיט פֶערְשׁוֹינֶען, אוּנְד אִיךְ וֶועל מִיךְ נִיט דֶערְבַּארְמֶען, אוּנְד הָאטְשֶׁע זֵייא וֶועלֶען אִין מֵיינֶע אוֹיעֶרְן רוּפֶען מִיט אַ גְרוֹיס קוֹל וֶועל אִיךְ זֵייא דָאךְ נִיט דֶערְהֶערֶען:

קאַפִּיטעל ט

1 אוּנְד עֶר הָאט גֶערוּפֶען אִין מֵיינֶע אוֹיעֶרֶען מִיט אַ גְרוֹיס קוֹל, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, מַאכְט גֶענֶעהְנֶען דִיא בֶּעפֶעהְלֶערְס פוּן דֶער שְׁטָאט, אִיטְלִיכֶער מִיט זֵיין פֶערְדַארְבּ כֵּלִי אִין זֵיינֶער הַאנְד: 2 אוּנְד זֶעה, זֶעקְס מֶענֶער זֶענֶען גֶעקוּמֶען פוּן דֶעם וֶועג פוּן דֶעם

שַׁעַר הָעֶלְיוֹן אֲשֶׁר ׀ מָפְנֶה צָפוֹנָה וְאִישׁ כְּלִי מַפָּצוֹ בְּיָדוֹ
וְאִישׁ־אֶחָד בְּתוֹכָם לָבֻשׁ בַּדִּים וְקֶסֶת הַסֹּפֵר בְּמָתְנָיו
3 וַיָּבֹאוּ וַיַּעַמְדוּ אֵצֶל מִזְבַּח הַנְּחֹשֶׁת׃ וּכְבוֹד ׀ אֱלֹהֵי יִשְׂרָאֵל
נַעֲלָה מֵעַל הַכְּרוּב אֲשֶׁר הָיָה עָלָיו אֶל מִפְתַּן הַבָּיִת
וַיִּקְרָא אֶל־הָאִישׁ הַלָּבֻשׁ הַבַּדִּים אֲשֶׁר קֶסֶת הַסֹּפֵר
4 בְּמָתְנָיו׃ וַיֹּאמֶר יְהוָה אֵלָו עֲבֹר בְּתוֹךְ הָעִיר בְּתוֹךְ
יְרוּשָׁלָם וְהִתְוִיתָ תָּו עַל־מִצְחוֹת הָאֲנָשִׁים הַנֶּאֱנָחִים
ה וְהַנֶּאֱנָקִים עַל כָּל־הַתּוֹעֵבוֹת הַנַּעֲשׂוֹת בְּתוֹכָהּ׃ וּלְאֵלֶּה
אָמַר בְּאָזְנַי עִבְרוּ בָעִיר אַחֲרָיו וְהַכּוּ עַל־תָּחֹס עֵינֵיכֶם
6 וְאַל־תַּחְמֹלוּ׃ זָקֵן בָּחוּר וּבְתוּלָה וְטַף וְנָשִׁים תַּהַרְגוּ
לְמַשְׁחִית וְעַל־כָּל־אִישׁ אֲשֶׁר־עָלָיו הַתָּו אַל־תִּגַּשׁוּ
וּמִמִּקְדָּשִׁי תָּחֵלּוּ וַיָּחֵלּוּ בָּאֲנָשִׁים הַזְּקֵנִים אֲשֶׁר לִפְנֵי הַבָּיִת׃
7 וַיֹּאמֶר אֲלֵיהֶם טַמְּאוּ אֶת־הַבַּיִת וּמַלְאוּ אֶת־הַחֲצֵרוֹת
8 חֲלָלִים צֵאוּ וְיָצְאוּ וְהִכּוּ בָעִיר׃ וַיְהִי כְּהַכּוֹתָם וְנֵאשֲׁאַר
אֲנִי וָאֶפְּלָה עַל־פָּנַי וָאֶזְעַק וָאֹמַר אֲהָהּ אֲדֹנָי יְהוִה הֲמַשְׁחִית
אַתָּה אֵת כָּל־שְׁאֵרִית יִשְׂרָאֵל בְּשָׁפְכְּךָ אֶת־חֲמָתְךָ עַל־
9 יְרוּשָׁלִָם׃ וַיֹּאמֶר אֵלַי עֲוֹן בֵּית־יִשְׂרָאֵל וִיהוּדָה גָּדוֹל
בִּמְאֹד מְאֹד וַתִּמָּלֵא הָאָרֶץ דָּמִים וְהָעִיר מָלְאָה מֻטֶּה כִּי
י אָמְרוּ עָזַב יְהוָה אֶת־הָאָרֶץ וְאֵין יְהוָה רֹאֶה׃ וְגַם אֲנִי
11 לֹא־תָחוֹס עֵינִי וְלֹא אֶחְמֹל דַּרְכָּם בְּרֹאשָׁם נָתָתִּי׃ וְהִנֵּה
הָאִישׁ ׀ לְבֻשׁ הַבַּדִּים אֲשֶׁר הַקֶּסֶת בְּמָתְנָיו מֵשִׁיב דָּבָר
לֵאמֹר עָשִׂיתִי כְּאֲשֶׁר צִוִּיתָנִי׃

י

א וָאֶרְאֶה וְהִנֵּה אֶל־הָרָקִיעַ אֲשֶׁר עַל־רֹאשׁ הַכְּרֻבִים כְּאֶבֶן
2 סַפִּיר כְּמַרְאֵה דְּמוּת כִּסֵּא נִרְאָה עֲלֵיהֶם׃ וַיֹּאמֶר אֶל־
הָאִישׁ ׀ לְבֻשׁ הַבַּדִּים וַיֹּאמֶר בֹּא אֶל־בֵּינוֹת לַגַּלְגַּל
אֶל־תַּחַת לַכְּרוּב וּמַלֵּא חָפְנֶיךָ גַחֲלֵי־אֵשׁ מִבֵּינוֹת

אױבֶּערשְׁטֶען טױעֶר, װָאס קֶעהְרְט זִיךְ קֶעגֶען צָפוֹן־זַײט, אוּנְד אִיטְלִיכֶער הָאט גֶעהַאט אַ כְּלִי װָאס צוּבְּרֶעכְט אִין זַײנֶע הַאנְד, אוּנְד אֵײן מַאן צְװִישֶׁען זֵײא אִיז גֶעװֶעזֶען אָנְגֶעקְלֵײדֶעט אִין לֵײנֶע־װַאנְד, אוּנְד אַ סוֹפֵר׳ס טִינְט־פַאס (אָדֶער טָאװֶעל) אױף זַײנֶע לֶענְדֶען. אוּנְד זֵײא זֶענֶען גֶעקוּמֶען אוּנְד זֵײא הָאבֶּען זִיךְ אַנִידֶערְגֶעשְׁטֶעלְט נֶעבֶּען דֶעם קוּפֶּערְנֶעם מִזְבֵּחַ׃ 3 אוּנְד דֶער כָּבוֹד פוּן דֶעם גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל אִיז אַרױפְגֶעגַאנְגֶען פוּן אִיבֶּער דֶעם כְּרוּב װָאס אִיז אױף אִיהְם גֶעװֶעזֶען צוּ דֶער שְׁװֶעל פוּן דֶעם הױז, אוּנְד עֶר הָאט גֶערוּפֶען צוּ דֶעם מַאן װָאס אִיז גֶעװֶעזֶען אָנְגֶעקְלֵײדֶעט אִין דִיא לֵײנֶענֶע קְלֵײדֶער, װָאס הָאט גֶעהַאט אַ סוֹפֵר׳ס טִינְט־פַאס אױף זַײנֶע לֶענְדֶען׃ 4 אוּנְד דֶער הַאר הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, גֶעה דוּרְךְ דִיא שְׁטָאט אִין מִיטֶען פוּן יְרוּשָׁלַיִם, אוּנְד דוּא זָאלְסְט אָנְצֵײכֶענֶען אַ ת אױף דִיא שְׁטֶערְן פוּן דִיא מֶענֶער װָאס זֵײפְצֶען אוּנְד קְלָאגֶען װֶעגֶען אַלֶע דִיא אוּמְװֶערְדִיגֶע מַעֲשִׂים װָאס װֶערֶען אִין אִיהְר גֶעטְהוּן׃ 5 אוּנְד צוּ דִיא אַנְדֶערֶע הָאט עֶר גֶעזָאגְט אִין מֵײנֶע הֶערוּנְג, גֶעהְט דוּרְךְ אִין דִיא שְׁטָאט הִינְטֶער אִיהְם, אוּנְד שְׁלָאגְט, אֵײעֶרֶע אױגֶען זָאלֶען נִיט פֶערְשׁוֹינֶען, אוּנְד אִיהְר זָאלְט אֵײךְ אױךְ נִיט דֶערְבַּארְמֶען׃ 6 אִיהְר זָאלְט הַרְגֶענֶען אַלְט אוּנְד יוּנְג, אוּנְד דִיא בְּתוּלָה אוּנְד קְלֵײנֶע קִינְדֶער אוּנְד װַײבֶּער זֵײא גַאנְץ צוּ פֶערְדַארְבֶּען, אָבֶּער אױף אִיטְלִיכֶען מַאן אױף װֶעמֶען עֶס אִיז דֶער צֵײכֶען פוּן אַ ת זָאלְט אִיהְר אֵײךְ נִיט גֶענֶעהְנֶען, אוּנְד הֶעבְּט אָן פוּן מֵײן מִקְדָּשׁ; אוּנְד זֵײא הָאבֶּען אָנְגֶעהױבֶּען אָן דִיא אַלְטֶע מֶענֶער װָאס זֶענֶען גֶעװֶעזֶען פָאר דֶעם הױז (בֵּית הַמִּקְדָּשׁ)׃ 7 אוּנְד עֶר הָאט צוּ זֵײא גֶעזָאגְט, מַאכְט דָאס בֵּית הַמִּקְדָּשׁ טָמֵא, אוּנְד פִילְט אָן דִיא פָארְהױף מִיט דִיא דֶערְשְׁלָאגֶענֶע, גֶעהְט אַרױס, אוּנְד זֵײא זֶענֶען אַרױסְגֶעגַאנְגֶען אוּנְד זֵײא הָאבֶּען גֶעשְׁלָאגֶען אִין דִיא שְׁטָאט׃ 8 אוּנְד עֶס אִיז גֶעװֶעזֶען װֶען זֵײא הָאבֶּען גֶעשְׁלָאגֶען אוּנְד אִיךְ בִּין (אַלֵײן) אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּען, אַזוֹי בִּין אִיךְ גֶעפַאלֶען אױף מֵײן פָּנִים אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעשְׁרִיעֶן אוּנְד גֶעזָאגְט, אוֹי, הַאר גָאט! װִילְסְט דוּא דֶען פֶערְדַארְבֶּען דִיא גַאנְצֶע אִיבֶּערְבְּלֵײבּוּנְג פוּן יִשְׂרָאֵל אַז דוּא גִיסְט אוֹיס דֵײן גְרִימְצָארְן אִיבֶּער יְרוּשָׁלַיִם? 9 אוּנְד עֶר הָאט צוּ מִיר גֶעזָאגְט, דִיא זִינְד פוּן דֶעם הױזְגֶעזִינְד פוּן יִשְׂרָאֵל אוּנְד יְהוּדָה אִיז זֶעהְר גְרוֹיס, אוּנְד דָאס לַאנְד אִיז פוּל מִיט בְּלוּט־שׁוּלְד, אוּנְד דִיא שְׁטָאט אִיז פוּל מִיט אָפְּנֵײגוּנְג פוּן מִשְׁפָּט, װָארִין זֵײא הָאבֶּען גֶעזָאגְט, דֶער הַאר הָאט פֶערְלָאזְט דָאס לַאנְד, אוּנְד דֶער הַאר זֶעהְט עֶס נִיט׃ 10 אוּנְד אױךְ אִיךְ—מֵײן אױג װֶעט נִיט פֶערְשׁוֹינֶען, אוּנְד אִיךְ װֶעל מִיךְ אױךְ נִיט דֶערְבַּארְמֶען, אִיךְ הָאבּ אױף זֵײעֶר קָאפּ בֶּעצָאלְט פַאר זֵײעֶר װֶעג! 11 זֶעה, דֶער מַאן װָאס אִיז גֶעװֶעזֶען אָנְגֶעקְלֵײד מִיט לֵײנֶען אוּנְד װָאס הָאט גֶעהַאט דָאס טִינְט־פַאס אױף זַײנֶע לֶענְדֶען הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד גֶעזָאגְט, אִיךְ הָאבּ גֶעטְהוּן אַזוֹי װִיא דוּא הָאסְט מִיר גֶעבָּאטֶען׃

קאפיטעל י

1 װֶען אִיךְ הָאבּ גֶעקוּקְט, זֶעה, אַזוֹי אִיז אױף דֶעם הִימֶעל גֶעװֶעזֶען אִיבֶּער דֶעם קָאפּ פוּן דִיא כְּרוּבִים אַזוֹי װִיא דִיא גֶעשְׁטַאלְט פוּן אַ סַפִּיר־שְׁטֵײן, דִיא גֶעשְׁטַאלְט פוּן אַ טְרוֹינְ־שְׁטוּל אִיז אױף זֵײא גֶעזֶעהֶען גֶעװֶעזֶען׃ 2 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט צוּ דֶעם מַאן אָנְגֶעקְלֵײד מִיט לֵײנֶען, קוּם אַרֵײן צְװִישֶׁען דִיא רֶעדֶער װָאס זֶענֶען הִינְטֶער דֶעם כְּרוּב, אוּנְד פִיל אָן דֵײנֶע הַאנְד מִיט פֵײעֶר־קוֹילֶען פוּן צְװִישֶׁען

דיא

דִיא כְּרוּבִים, אוּנְד שְׁפְּרִינְקֶעל זַייא אִיבֶּער
דֶער שְׁטָאט, אוּנְד עֶר אִיז אַרֵיינְגֶעקוּמֶען
פָאר מֵיינֶע אוֹיגֶען׃ 3 אוּנְד דִיא כְּרוּבִים
זֶענֶען גֶעשְׁטַאנֶען אוֹיף דֶער רֶעכְטֶע זַייט
פוּן דֶעם הוֹיז וֶוען דֶער מַאן אִיז אַרֵיינְגֶע־
קוּמֶען, אוּנְד דֶער וָואלְקֶען הָאט פוּל גֶע־
מַאכְט דֶעם אִינֶעוֶוענִיגְסְטֶען הוֹיף׃ 4 אוּנְד
דֶער כָּבוֹד פוּן דֶעם הַאר הָאט זִיךְ דֶערְ־
הוֹיבֶּען פוּן אִיבֶּער דֶעם כְּרוּב אִיבֶּער דִיא
שְׁוֶועל פוּן דֶעם הוֹיז, אוּנְד דָאס הוֹיז אִיז
גֶעוָוארֶען פוּל פוּן דֶעם וָואלְקֶען, אוּנְד דֶער
הוֹיף אִיז גֶעוֶועזֶען פוּל מִיט גְלַאנְץ פוּן
דֶעם כָּבוֹד פוּן דֶעם הַאר׃ 5 אוּנְד דָאס
קוֹל פוּן דִיא פְלִיגֶעל פוּן דִיא כְּרוּבִים אִיז
גֶעהֶערְט גֶעוָוארֶען בִּיז צוּ דֶעם אוֹיסֶענְ־
וֶוענִיגְסְטֶען הוֹיף, אַזוֹי וִויא דָאס קוֹל פוּן
דֶעם אַלְמֶעכְטִיגֶען וֶוען עֶר רֶעט׃ 6 אוּנְד
עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען, וֶוען עֶר הָאט גֶעבָּאטֶען
דֶעם מַאן וָואס אִיז גֶעוֶועזֶען אָנְגֶעקְלֵייד
מִיט לֵיינֶען אַזוֹי צוּ זָאגֶען, נֶעם פֵייעֶר פוּן
צְוִוישֶׁען דִיא רֶעדֶער, אוּנְד פוּן צְוִוישֶׁען
דִיא כְּרוּבִים, אִיז עֶר אַרֵיינְגֶעגַאנְגֶען אוּנְד
הָאט זִיךְ גֶעשְׁטֶעלְט נֶעבֶּען דִיא רֶעדֶער׃
7 אוּנְד דֶער כְּרוּב הָאט אוֹיסְגֶעשְׁטְרֶעקְט
זַיינֶע הַאנְד פוּן צְוִוישֶׁען דִיא כְּרוּבִים צוּ דֶעם פֵייעֶר וָואס אִיז גֶעוֶועזֶען צְוִוישֶׁען דִיא
כְּרוּבִים, אוּנְד עֶר הָאט דֶערְפוּן אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען אוּנְד הָאט עֶס גֶעגֶעבֶּען אִין דֶער הַאנְד פוּן
דֶעם וָואס וַואר אָנְגֶעקְלֵייד מִיט לֵיינֶען, אוּנְד עֶר הָאט עֶס גֶענוּמֶען אוּנְד אִיז אַרוֹיסְגֶע־
גַאנְגֶען׃ 8 אוּנְד עֶס אִיז בֶּעוִויזֶען גֶעוָוארֶען צוּ דִיא כְּרוּבִים דִיא גֶעשְׁטַאלְט פוּן אַ מֶענְ־
שֶׁענְ'ס הַאנְד הִינְטֶער זֵיירֶע פְלִיגֶעל׃ 9 אוּנְד וֶוען אִיךְ הָאבּ גֶעקוּקְט, זֶעה פִיעֶר אוֹפַנִּים
נֶעבֶּען דִיא כְּרוּבִים, אֵיין אוֹפַן נֶעבֶּען אֵיין כְּרוּב, אוּנְד אֵיין אַנְדֶערֶער אוֹפַן נֶעבֶּען אֵיין
אַנְדֶערְן כְּרוּב, אוּנְד דִיא גֶעשְׁטַאלְט פוּן דִיא אוֹפַנִּים אִיז גֶעוֶועזֶען וִויא דִיא גֶעשְׁטַאלְט
פוּן אַ תַּרְשִׁישׁ־שְׁטֵיין׃ 10 אוּנְד אַלֶע פִיעֶר הָאבֶּען גֶעהַאט אֵיינֶערְלֵייא גֶעשְׁטַאלְט,
גְלֵייךְ וִויא אַ (רָאד) אוֹפַן אִיז גֶעוֶועזֶען אִין דֶער מִיטֶען פוּן דֶעם אַנְדֶערְן אוֹפַן׃ 11 אוּנְד
אִין זֵייעֶר גֶעהְן זֶענֶען זֵייא גֶעגַאנְגֶען אוֹיף זֵיירֶע פִיעֶר זֵייטֶען, זֵייא הָאבֶּען זִיךְ נִיט אוּמְ־
גֶעקֶעהְרְט אִין זֵייעֶר גֶעהְן, נֵייעֶרְט צוּ דֶעם אָרְט וְואוּ דֶער אוֹיבֶּערְשְׁטֶער הָאט זִיךְ גֶע־
קֶעהְרְט אִיהְם זֶענֶען זֵייא נָאכְגֶעגַאנְגֶען, זֵייא הָאבֶּען זִיךְ נִיט אוּמְגֶעקֶעהְרְט אִין זֵייעֶר
גֶעהְן׃ 12 אוּנְד אַלֶע זֵיירֶע לֵייבֶּער, אוּנְד זֵיירֶע רִיקֶען, אוּנְד זֵיירֶע הֶענְד אוּנְד זֵיירֶע
פְלִיגֶעל, אוּנְד דִיא אוֹפַנִּים זֶענֶען גֶעוֶועזֶען פוּל מִיט אוֹיגֶען רִינְגְס אַרוּם צוּ אַלֶע פִיעֶר
(רֶעדֶער) אוֹפַנִּים׃ 13 דִיא אוֹפַנִּים זֶענֶען גֶערוּפֶען גֶעוָוארֶען אִין מֵיינֶע אוֹירֶען, אוֹי
גַלְגַל! 14 אוּנְד אִיטְלִיכֶער הָאט גֶעהַאט פִיעֶר פֶּענֶעמֶער, אֵיין פָּנִים אִיז גֶעוֶועזֶען דָאס
פָּנִים פוּן אַ כְּרוּב, אוּנְד דָאס אַנְדֶערְע וִויא אַ פָּנִים פוּן אַ מֶענְשׁ, דָאס דְרִיטֶע וִויא אַ
פָּנִים פוּן אַ לֵייבּ, אוּנְד דָאס פִיעֶרְטֶע וִויא דָאס פָּנִים פוּן אֵיין אָדְלֶער׃ 15 אוּנְד דִיא
כְּרוּבִים הָאבֶּען זִיךְ דֶערְהוֹיבֶּען, דָאס אִיז דִיא חַיָּה וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען בֵּייא דֶעם
טֵייךְ כְּבָר׃ 16 אוּנְד וֶוען דִיא כְּרוּבִים זֶענֶען גֶעגַאנְגֶען אַזוֹי זֶענֶען דִיא אוֹפַנִּים דֶערְנֶע־
בֶּען גֶעגַאנְגֶען, אוּנְד וֶוען דִיא כְּרוּבִים הָאבֶּען אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען זֵיירֶע פְלִיגֶעל אוּם זִיךְ צוּ
דֶערְהֶעבֶּען פוּן דֶער עֶרְד אַזוֹי הָאבֶּען זִיךְ דִיא אוֹפַנִּים אוֹיךְ נִיט פוּן זֵייא אוּמְגֶעדְרֶעהְט׃
17 וֶוען דִיזֶע הָאבֶּען זִיךְ גֶעשְׁטֶעלְט אַזוֹי הָאבֶּען זִיךְ אוֹיךְ יֶענֶע אַנִידֶערְגֶעשְׁטֶעלְט, אוּנְד
וֶוען דִיזֶע הָאבֶּען זִיךְ דֶערְהוֹיבֶּען, אַזוֹי הָאבֶּען זִיךְ דִיא אַנְדֶערֶע אוֹיךְ דֶערְהוֹיבֶּען, ווייל
דֶער רוּחַ פוּן דֶער חַיָּה אִיז אִין זֵייא׃ 18 אוּנְד דֶער כָּבוֹד פוּן גָאט אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען
פוּן אִיבֶּער דֶער שְׁוֶועל פוּן דֶעם הוֹיז, אוּנְד הָאט זִיךְ גֶעשְׁטֶעלְט אוֹיף דִיא כְּרוּבִים׃
19 אוּנְד דִיא כְּרוּבִים הָאבֶּען אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען זֵיירֶע פְלִיגֶעל, אוּנְד הָאבֶּען זִיךְ דֶערְהוֹיבֶּען
פוּן

לַכְּרֻבִים וּזְרֹק עַל־הָעִיר וַיָּבֹא לְעֵינָי׃ וְהַכְּרֻבִים עֹמְדִים 3
מִימִין לַבַּיִת בְּבֹאוֹ הָאִישׁ וְהֶעָנָן מָלֵא אֶת־הֶחָצֵר
הַפְּנִימִית׃ וַיָּרָם כְּבוֹד־יְהוָה מֵעַל הַכְּרוּב עַל מִפְתַּן 4
הַבָּיִת וַיִּמָּלֵא הַבַּיִת אֶת־הֶעָנָן וְהֶחָצֵר מָלְאָה אֶת־נֹגַהּ
כְּבוֹד יְהוָה׃ וְקוֹל כַּנְפֵי הַכְּרוּבִים נִשְׁמַע עַד הֶחָצֵר ה
הַחִיצֹנָה כְּקוֹל אֵל־שַׁדַּי בְּדַבְּרוֹ׃ וַיְהִי בְּצַוֺּתוֹ אֶת־הָאִישׁ 6
לְבֻשׁ־הַבַּדִּים לֵאמֹר קַח אֵשׁ מִבֵּינוֹת לַגַּלְגַּל מִבֵּינוֹת
לַכְּרוּבִים וַיָּבֹא וַיַּעֲמֹד אֵצֶל הָאוֹפָן׃ וַיִּשְׁלַח הַכְּרוּב אֶת־ 7
יָדוֹ מִבֵּינוֹת לַכְּרוּבִים אֶל־הָאֵשׁ אֲשֶׁר בֵּינוֹת הַכְּרֻבִים
וַיִּשָּׂא וַיִּתֵּן אֶל־חָפְנֵי לְבֻשׁ הַבַּדִּים וַיִּקַּח וַיֵּצֵא׃ וַיֵּרָא 8
לַכְּרֻבִים תַּבְנִית יַד־אָדָם תַּחַת כַּנְפֵיהֶם׃ וָאֶרְאֶה וְהִנֵּה 9
אַרְבָּעָה אוֹפַנִּים אֵצֶל הַכְּרוּבִים אוֹפַן אֶחָד אֵצֶל הַכְּרוּב
אֶחָד וְאוֹפַן אֶחָד אֵצֶל הַכְּרוּב אֶחָד וּמַרְאֵה הָאוֹפַנִּים
כְּעֵין אֶבֶן תַּרְשִׁישׁ׃ וּמַרְאֵיהֶם דְּמוּת אֶחָד לְאַרְבַּעְתָּם י
כַּאֲשֶׁר יִהְיֶה הָאוֹפַן בְּתוֹךְ הָאוֹפָן׃ בְּלֶכְתָּם אֶל־אַרְבַּעַת 11
רִבְעֵיהֶם יֵלֵכוּ לֹא יִסַּבּוּ בְּלֶכְתָּם כִּי הַמָּקוֹם אֲשֶׁר־יִפְנֶה
הָרֹאשׁ אַחֲרָיו יֵלֵכוּ לֹא יִסַּבּוּ בְּלֶכְתָּם׃ וְכָל־בְּשָׂרָם 12
וְגַבֵּהֶם וִידֵיהֶם וְכַנְפֵיהֶם וְהָאוֹפַנִּים מְלֵאִים עֵינַיִם סָבִיב
לְאַרְבַּעְתָּם אוֹפַנֵּיהֶם׃ לָאוֹפַנִּים לָהֶם קוֹרָא הַגַּלְגַּל בְּאָזְנָי׃ 13
וְאַרְבָּעָה פָנִים לְאֶחָד פְּנֵי הָאֶחָד פְּנֵי הַכְּרוּב וּפְנֵי הַשֵּׁנִי 14
פְּנֵי אָדָם וְהַשְּׁלִישִׁי פְּנֵי אַרְיֵה וְהָרְבִיעִי פְּנֵי־נָשֶׁר׃ וַיֵּרֹמּוּ טו
הַכְּרוּבִים הִיא הַחַיָּה אֲשֶׁר רָאִיתִי בִּנְהַר־כְּבָר׃ וּבְלֶכֶת 16
הַכְּרוּבִים יֵלְכוּ הָאוֹפַנִּים אֶצְלָם וּבִשְׂאֵת הַכְּרוּבִים אֶת־
כַּנְפֵיהֶם לָרוּם מֵעַל הָאָרֶץ לֹא־יִסַּבּוּ הָאוֹפַנִּים גַּם־הֵם
מֵאֶצְלָם׃ בְּעָמְדָם יַעֲמֹדוּ וּבְרוֹמָם יֵרוֹמּוּ אוֹתָם כִּי רוּחַ 17
הַחַיָּה בָּהֶם׃ וַיֵּצֵא כְּבוֹד יְהוָה מֵעַל מִפְתַּן הַבָּיִת וַיַּעֲמֹד 18
עַל־הַכְּרוּבִים׃ וַיִּשְׂאוּ הַכְּרוּבִים אֶת־כַּנְפֵיהֶם וַיֵּרוֹמּוּ 19

מִן־הָאָרֶץ לְעֵינַי בְּצֵאתָם וְהָאוֹפַנִּים לְעֻמָּתָם וַיַּעֲמֹד
פֶּתַח שַׁעַר בֵּית־יְהוָה הַקַּדְמוֹנִי וּכְבוֹד אֱלֹהֵי־יִשְׂרָאֵל
כ עֲלֵיהֶם מִלְמָעְלָה׃ הִיא הַחַיָּה אֲשֶׁר רָאִיתִי תַּחַת אֱלֹהֵי־
21 יִשְׂרָאֵל בִּנְהַר־כְּבָר וָאֵדַע כִּי כְרוּבִים הֵמָּה׃ אַרְבָּעָה
אַרְבָּעָה פָנִים לְאֶחָד וְאַרְבַּע כְּנָפַיִם לְאֶחָד וּדְמוּת יְדֵי
22 אָדָם תַּחַת כַּנְפֵיהֶם׃ וּדְמוּת פְּנֵיהֶם הֵמָּה הַפָּנִים אֲשֶׁר
רָאִיתִי עַל־נְהַר־כְּבָר מַרְאֵיהֶם וְאוֹתָם אִישׁ אֶל־עֵבֶר
פָּנָיו יֵלֵכוּ׃

## יא

א וַתִּשָּׂא אֹתִי רוּחַ וַתָּבֵא אֹתִי אֶל־שַׁעַר בֵּית־יְהוָה הַקַּדְמוֹנִי
הַפּוֹנֶה קָדִימָה וְהִנֵּה בְּפֶתַח הַשַּׁעַר עֶשְׂרִים וַחֲמִשָּׁה אִישׁ
וָאֶרְאֶה בְתוֹכָם אֶת־יַאֲזַנְיָה בֶן־עַזֻּר וְאֶת־פְּלַטְיָהוּ בֶן־
2 בְּנָיָהוּ שָׂרֵי הָעָם׃ וַיֹּאמֶר אֵלָי בֶּן־אָדָם אֵלֶּה
הָאֲנָשִׁים הַחֹשְׁבִים אָוֶן וְהַיֹּעֲצִים עֲצַת־רָע בָּעִיר הַזֹּאת׃
3 הָאֹמְרִים לֹא בְקָרוֹב בְּנוֹת בָּתִּים הִיא הַסִּיר וַאֲנַחְנוּ
4 ה הַבָּשָׂר׃ לָכֵן הִנָּבֵא עֲלֵיהֶם הִנָּבֵא בֶּן־אָדָם׃ וַתִּפֹּל עָלַי
רוּחַ יְהוָה וַיֹּאמֶר אֵלַי אֱמֹר כֹּה־אָמַר יְהוָה כֵּן אֲמַרְתֶּם
6 בֵּית יִשְׂרָאֵל וּמַעֲלוֹת רוּחֲכֶם אֲנִי יְדַעְתִּיהָ׃ הִרְבֵּיתֶם
7 חַלְלֵיכֶם בָּעִיר הַזֹּאת וּמִלֵּאתֶם חוּצֹתֶיהָ חָלָל׃ לָכֵן כֹּה־
אָמַר אֲדֹנָי יְהוִה חַלְלֵיכֶם אֲשֶׁר שַׂמְתֶּם בְּתוֹכָהּ הֵמָּה
8 הַבָּשָׂר וְהִיא הַסִּיר וְאֶתְכֶם הוֹצִיא מִתּוֹכָהּ׃ חֶרֶב יְרֵאתֶם
9 וְחֶרֶב אָבִיא עֲלֵיכֶם נְאֻם אֲדֹנָי יְהוִה׃ וְהוֹצֵאתִי אֶתְכֶם
מִתּוֹכָהּ וְנָתַתִּי אֶתְכֶם בְּיַד־זָרִים וְעָשִׂיתִי בָכֶם שְׁפָטִים׃
י בַּחֶרֶב תִּפֹּלוּ עַל־גְּבוּל יִשְׂרָאֵל אֶשְׁפּוֹט אֶתְכֶם וִידַעְתֶּם
11 כִּי־אֲנִי יְהוָה׃ הִיא לֹא־תִהְיֶה לָכֶם לְסִיר וְאַתֶּם תִּהְיוּ
12 בְתוֹכָהּ לְבָשָׂר אֶל־גְּבוּל יִשְׂרָאֵל אֶשְׁפֹּט אֶתְכֶם׃ וִידַעְתֶּם
כִּי־אֲנִי יְהוָה אֲשֶׁר בְּחֻקַּי לֹא הֲלַכְתֶּם וּמִשְׁפָּטַי לֹא

פון דער ערד פאר מיינע אויגען, ווען זייא זענען ארויסגעגאנגען אזוי וואַרען דיא אופנים אויך נעבען זייא, אונד ער האט זיך געשטעלט בייא דער טיער פון דעם טויער פון גאט׳ס הויז (וואס איז) אן דער מזרח־זייט, אונד דער כבוד פון דעם גאט פון ישראל איז איבער זייא געוועזען פון אויבען: 20 דאס איז דיא חיה וואס איך האב געזעהען הינטער דעם גאט פון ישראל בייא דעם טייך כבר, אונד איך האב געוואוסט אז זייא זענען דיא כרובים: 21 איטליכער האט געהאט פיער פענעמער, אונד איטליכער פיער פליגעל, אונד דיא געשטאלט פון מענשען׳ס הענד איז געוועזען אונטער זייערע פליגעל: 22 אונד דיא געשטאלט פון זייערע פענעמער איז געוועזען דאס אייגענע וואס איך האב געזעהען בייא דעם טייך כבר, דאס איז זייער געשטאלט אונד זייא אליין, זייא זענען איטליכער פארוועררטס געגאנגען:

### קאפיטעל יא

1 אונד דער גייסט האט מיך אויפגעהויבען אונד האט מיך געבראכט צו דעם מזרח־טויער פון דעם האר׳ס הויז, וואס קעהרט זיך קעגען מזרח־זייט, אונד זעה, בייא דער טיער פון דעם טויער זענען געוועזען פינף אונד צוואנציג מענער, אונד איך האב צווישען זייא געזעהען יאזניה בן עזר, אונד פלטיהו בן בניהו דיא פירשטען פון דעם פאלק: 2 אונד ער האט צו מיר געזאגט, בן־אדם, דיזע מענער טראכטען אומרעכט אונד האלטען שלעכטע עצות אין דער דאזיגער שטאט: 3 וואס זאגען, עס איז ניט נאהענט, לאמיר בויען הייזער, זיא איז דער טאפ אונד מיר זענען דאס פליש: 4 דארום זאג נביאות איבער זייא, זאג נביאות דוא בן־אדם: 5 אונד דער רוח (הקודש) פון דעם האר איז אויף מיר געפאלען אונד ער האט צו מיר געזאגט, זאג, אזוי זאגט דער האר, אזוי האט איהר געזאגט, איהר בית ישראל, איך ווייס וואס קומט ארויף אין אייער זין: 6 איהר האט פערמעהרט אייערע דערשלאגענע אין דער דאזיגער שטאט, אונד איהר האט פול געמאכט דיא גאסען מיט דערשלאגענע: 7 דארום, אזוי זאגט דער האר גאט, אייערע דערשלאגענע וואס איהר האט זייא געטהון אין דער מיטען, זייא זענען דאס פליש, אונד זיא (דיא שטאט) איז דער טאפ, אבער איך וועל אייך ארויסברענגען פון צווישען איהר: 8 איהר האט מורא געהאט פאר דעם שווערד, אונד איך וועל איבער אייך ברענגען א שווערד, זאגט דער האר גאט: 9 אונד איך וועל אייך ארויסברענגען פון איהר, אונד איך וועל אייך איבערענטפערן אין דיא האנד פון פרעמדע, אונד איך וועל אונטער אייך טהון דינים (פון פורעניות): 10 איהר וועט פאלען דורך דעם שווערד, אן דער גרענעץ פון ישראל וועל איך אייך משפט׳ן, אונד איהר וועט וויסען אז איך בין דער האר: 11 דיא שטאט וועט ניט זיין צו אייך דער טאפ, אונד איהר וועט (ניט) זיין אין דער מיטען פאר פליש, אבער איך וועל אייך משפט׳ן אן דער גרענעץ פון ישראל: 12 אונד איהר זאלט וויסען אז איך בין דער האר, ווייל איהר זענט ניט געגאנגען אין מיינע געזעץ אונד מיינע משפטים האט איהר ניט

13 עֲשִׂיתֶם וּכְמִשְׁפְּטֵי הַגּוֹיִם אֲשֶׁר סְבִיבוֹתֵיכֶם עֲשִׂיתֶם׃ וַיְהִי
כְּהִנָּבְאִי וּפְלַטְיָהוּ בֶן־בְּנָיָה מֵת וָאֶפֹּל עַל־פָּנַי וָאֶזְעַק קוֹל
גָּדוֹל וָאֹמַר אֲהָהּ אֲדֹנָי יֱהֹוִה כָּלָה אַתָּה עֹשֶׂה אֵת שְׁאֵרִית
14 טו יִשְׂרָאֵל׃ וַיְהִי דְבַר־יְהֹוָה אֵלַי לֵאמֹר׃ בֶּן־אָדָם
אַחֶיךָ אַחֶיךָ אַנְשֵׁי גְאֻלָּתֶךָ וְכָל־בֵּית יִשְׂרָאֵל כֻּלֹּה אֲשֶׁר
אָמְרוּ לָהֶם יֹשְׁבֵי יְרוּשָׁלַםִ רַחֲקוּ מֵעַל יְהֹוָה לָנוּ הִיא
16 נִתְּנָה הָאָרֶץ לְמוֹרָשָׁה׃ לָכֵן אֱמֹר כֹּה אָמַר אֲדֹנָי
יֱהֹוִה כִּי הִרְחַקְתִּים בַּגּוֹיִם וְכִי הֲפִיצוֹתִים בָּאֲרָצוֹת וָאֱהִי
17 לָהֶם לְמִקְדָּשׁ מְעַט בָּאֲרָצוֹת אֲשֶׁר־בָּאוּ שָׁם׃ לָכֵן
אֱמֹר כֹּה־אָמַר אֲדֹנָי יֱהֹוִה וְקִבַּצְתִּי אֶתְכֶם מִן־הָעַמִּים
וְאָסַפְתִּי אֶתְכֶם מִן־הָאֲרָצוֹת אֲשֶׁר נְפֹצוֹתֶם בָּהֶם וְנָתַתִּי
18 לָכֶם אֶת־אַדְמַת יִשְׂרָאֵל׃ וּבָאוּ־שָׁמָּה וְהֵסִירוּ אֶת־
19 כָּל־שִׁקּוּצֶיהָ וְאֶת־כָּל־תּוֹעֲבוֹתֶיהָ מִמֶּנָּה׃ וְנָתַתִּי לָהֶם
לֵב אֶחָד וְרוּחַ חֲדָשָׁה אֶתֵּן בְּקִרְבְּכֶם וַהֲסִרֹתִי לֵב הָאֶבֶן
כ מִבְּשָׂרָם וְנָתַתִּי לָהֶם לֵב בָּשָׂר׃ לְמַעַן בְּחֻקֹּתַי יֵלֵכוּ וְאֶת־
מִשְׁפָּטַי יִשְׁמְרוּ וְעָשׂוּ אֹתָם וְהָיוּ־לִי לְעָם וַאֲנִי אֶהְיֶה לָהֶם
21 לֵאלֹהִים׃ וְאֶל־לֵב שִׁקּוּצֵיהֶם וְתוֹעֲבוֹתֵיהֶם לִבָּם הֹלֵךְ
22 דַּרְכָּם בְּרֹאשָׁם נָתַתִּי נְאֻם אֲדֹנָי יֱהֹוִה׃ וַיִּשְׂאוּ הַכְּרוּבִים
אֶת־כַּנְפֵיהֶם וְהָאוֹפַנִּים לְעֻמָּתָם וּכְבוֹד אֱלֹהֵי־יִשְׂרָאֵל
23 עֲלֵיהֶם מִלְמָעְלָה׃ וַיַּעַל כְּבוֹד יְהֹוָה מֵעַל תּוֹךְ הָעִיר וַיַּעֲמֹד
24 עַל־הָהָר אֲשֶׁר מִקֶּדֶם לָעִיר׃ וְרוּחַ נְשָׂאַתְנִי וַתְּבִיאֵנִי
כַשְׂדִּימָה אֶל־הַגּוֹלָה בַּמַּרְאֶה בְּרוּחַ אֱלֹהִים וַיַּעַל מֵעָלַי
כה הַמַּרְאֶה אֲשֶׁר רָאִיתִי׃ וָאֲדַבֵּר אֶל־הַגּוֹלָה אֵת כָּל־דִּבְרֵי
יְהֹוָה אֲשֶׁר הֶרְאָנִי׃

## יב יב

א 2 וַיְהִי דְבַר־יְהֹוָה אֵלַי לֵאמֹר׃ בֶּן־אָדָם בְּתוֹךְ בֵּית־הַמֶּרִי
אַתָּה יֹשֵׁב אֲשֶׁר עֵינַיִם לָהֶם לִרְאוֹת וְלֹא רָאוּ אָזְנַיִם לָהֶם

גֶעטְהוּן, נֵייעֶרְט אִיהְר הָאט גֶעטְהוּן אַזוֹי
וִויא דִיא מִשְׁפָּטִים פוּן דִיא גּוֹיִם וָואס
זֶענֶען אַרִינְגְס אַרוּם אֵייךְ׃ 13 אוּנְד עֶס
אִיז גֶעוֶועזֶען וֶוען אִיךְ הָאבּ נְבִיאוּת גֶע־
זָאגְט, אַזוֹי אִיז פְּלַטְיָהוּ בֶּן בְּנָיָה גֶע־
שְׁטָארְבֶּען, אוּנְד אִיךְ בִּין גֶעפַאלֶען אוֹיף
מֵיין פָּנִים אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעשְׁרִיעֶן מִיט
אַ גְרוֹיס קוֹל, אוּנְד הָאבּ גֶעזָאגְט, אוֹי
הַאר גָאט! וִוילְסְט דוּא דֶען אִים גַאנְצֶען
פֶערְלֶענְדֶען דִיא אִיבֶּערְבְּלֵייבּוּנְג פוּן
יִשְׂרָאֵל? 14 אוּנְד דָאס וָוארְט פוּן דֶעם
הַאר אִיז (נָאכְאַמָאל) צוּ מִיר גֶעוֶועזֶען, אַזוֹי
צוּ זָאגֶען׃ 15 בֶּן־אָדָם, דֵיינֶע בְּרִידֶער, יוֹא
דֵיינֶע בְּרִידֶער, דִיא מֶענֶער דֵיינֶע קְרוֹבִים,
אוּנְד דָאס גַאנְצֶע הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן יִשְׂרָאֵל,
(זֵייא זֶענֶען דִיא) צוּ וֶועמֶען דִיא בֶּעוֶואוֹי־
נֶער פוּן יְרוּשָׁלַיִם הָאבֶּען גֶעזָאגְט, דֶערְוֵוי־
טֶערְט אֵייךְ פוּן דֶעם הַאר, וָוארִין צוּ
אוּנְס אִיז דָאס לַאנְד גֶעגֶעבֶּען גֶעוָוארֶען
פַאר אַ יְרוּשָׁה׃ 16 דָארוּם זָאג, אַזוֹי
זָאגְט דֶער הַאר גָאט, חָאטְשֶׁע אִיךְ הָאבּ
זֵייא דֶערְוֵוייטֶערְט אוּנְטֶער דִיא גּוֹיִם,
אוּנְד חָאטְשֶׁע אִיךְ הָאבּ זֵייא פֶערְשְׁפְּרֵייט אִין דִיא לֶענְדֶער, דָאךְ וֶועל אִיךְ צוּ זֵייא
זֵיין פַאר אַ קְלֵיין מִקְדָּשׁ אִין דִיא לֶענְדֶער אַוְואוּ זֵייא וֶועלֶען דָארְט אַהִינְקוּמֶען׃
17 דָארוּם זָאג, אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר גָאט, אִיךְ וֶועל אֵייךְ אֵיינְזַאמֶעלְן פוּן דִיא פֶעלְקֶער
אוּנְד אִיךְ וֶועל אֵייךְ פֶערְזַאמֶעלְן פוּן דִיא לֶענְדֶער וְואוּ אִיהְר זֶענְט אִין זֵייא צוּשְׁפְּרֵייט,
אוּנְד אִיךְ וֶועל צוּ אֵייךְ גֶעבֶּען אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל׃ 18 אוּנְד זֵייא וֶועלֶען דָארְט אַהִינְקוּמֶען,
אוּנְד זֵייא וֶועלֶען דֶערְפוּן אָפְּטְהוּן אַלֶע אוּמְוֶוערְדִיגְקֵייטֶען אוּנְד אַלֶע אִיהְרֶע תּוֹעֲבוֹת׃
19 אוּנְד אִיךְ וֶועל צוּ זֵייא גֶעבֶּען אֵיין הַארְץ, אוּנְד אַ נֵייעֶם גֵייסְט וֶועל אִיךְ זֵייא גֶע־
בֶּען, אוּנְד אִיךְ וֶועל פוּן זֵייעֶר פְלֵיישׁ אָפְּטְהוּן דָאס שְׁטֵיינֶערְנֶע הַארְץ, אוּנְד אִיךְ וֶועל
צוּ זֵייא גֶעבֶּען אַ פְלֵיישֶׁערְנֶעס הַארְץ׃ 20 כְּדֵי זֵייא זָאלֶען גֶעהְן אִין מֵיינֶע גֶעזֶעץ,
אוּנְד זֵייא זָאלֶען הִיטֶען מֵיינֶע מִשְׁפָּטִים, אוּנְד זָאלֶען זֵייא טְהוּן; אוּנְד זֵייא זָאלֶען צוּ
מִיר זֵיין אַ פָאלְק, אוּנְד אִיךְ וֶועל צוּ זֵייא זֵיין אַ גָאט׃ 21 אָבֶּער דָאס הַארְץ פוּן זָאלְכֶע
וָואס גֶעהְן נָאךְ דִיא אוּמְוֶוערְדִיגֶע אוּנְד מִיאוּסֶע מַעֲשִׂים פוּן זֵייעֶרֶע הַארְצֶער, אוֹיף זֵייעֶר קָאפּ
וֶועל אִיךְ בֶּעצָאלֶען פַאר זֵייעֶר וֶועג, זָאגְט דֶער הַאר גָאט׃ 22 אוּנְד דִיא כְּרוּבִים הָאבֶּען
אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען זֵייעֶרֶע פְלִיגֶעל אוּנְד (אוֹיךְ) דִיא אוֹפַנִּים אַנְטְקֶעגֶען זֵייא, אוּנְד דֶער כָּבוֹד פוּן
דֶעם גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל אִיז אוֹיף זֵייא גֶעוֶועזֶען פוּן אוֹיבֶּען׃ 23 אוּנְד דֶער כָּבוֹד פוּן דֶעם
הַאר אִיז אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען פוּן צְווִישֶׁען דֶער שְׁטָאט, אוּנְד הָאט זִיךְ גֶעשְׁטֶעלְט אוֹיף
דֶעם בַּארְג וָואס אִיז אַן דֶער מִזְרַח־זֵייט פוּן דֶער שְׁטָאט׃ 24 אוּנְד דֶער גֵייסְט הָאט
מִיךְ אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען, אוּנְד הָאט מִיךְ גֶעבְּרַאכְט קֵיין כַּשְׂדִּים צוּ דִיא פוּן גָּלוּת, אִין דֶער
זֶעהוּנְג דוּרְךְ דֶעם גֵייסְט פוּן גָאט, אוּנְד אַזוֹי אִיז דִיא זֶעהוּנְג וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען
פוּן מִיר אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען׃ 25 אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶערֶעט מִיט דִיא פוּן גָּלוּת אַלֶע וֶוערְטֶער
פוּן דֶעם הַאר וָואס עֶר הָאט מִיר גֶעוִויזֶען׃

## קאפיטעל יב

1 אוּנְד דָאס וָוארְט פוּן דֶעם הַאר אִיז צוּ מִיר גֶעוֶועזֶען, אַזוֹי צוּ
זָאגֶען׃ 2 בֶּן־אָדָם, דוּא וְואוֹינְסְט צְווִישֶׁען אַ ווִידֶערְשְׁפֶּענִיג הוֹיזְגֶעזִינְד,
וָואס הָאבֶּען אוֹיגֶען צוּ זֶעהֶען אָבֶּער זֵייא זֶעהֶען נִיט, אוֹירֶען

צוּ

3 לִשְׁמֹעַ וְלֹא שָׁמֵעוּ כִּי בֵּית מְרִי הֵם׃ וְאַתָּה בֶן
אָדָם עֲשֵׂה לְךָ כְּלֵי גוֹלָה וּגְלֵה יוֹמָם לְעֵינֵיהֶם וְגָלִיתָ
מִמְּקוֹמְךָ אֶל־מָקוֹם אַחֵר לְעֵינֵיהֶם אוּלַי יִרְאוּ כִּי בֵּית
4 מְרִי הֵמָּה׃ וְהוֹצֵאתָ כֵלֶיךָ כִּכְלֵי גוֹלָה יוֹמָם לְעֵינֵיהֶם
ה וְאַתָּה תֵּצֵא בָעֶרֶב לְעֵינֵיהֶם כְּמוֹצָאֵי גּוֹלָה׃ לְעֵינֵיהֶם
6 חֲתָר־לְךָ בַקִּיר וְהוֹצֵאתָ בּוֹ׃ לְעֵינֵיהֶם עַל־כָּתֵף תִּשָּׂא
בָּעֲלָטָה תוֹצִיא פָּנֶיךָ תְכַסֶּה וְלֹא תִרְאֶה אֶת־הָאָרֶץ כִּי־
7 מוֹפֵת נְתַתִּיךָ לְבֵית יִשְׂרָאֵל׃ וָאַעַשׂ כֵּן כַּאֲשֶׁר צֻוֵּיתִי כֵּלַי
הוֹצֵאתִי כִּכְלֵי גוֹלָה יוֹמָם וּבָעֶרֶב חָתַרְתִּי־לִי בַקִּיר בְּיָד
8 בָּעֲלָטָה הוֹצֵאתִי עַל־כָּתֵף נָשָׂאתִי לְעֵינֵיהֶם׃ וַיְהִי
9 דְבַר־יְהוָה אֵלַי בַּבֹּקֶר לֵאמֹר׃ בֶּן־אָדָם הֲלֹא אָמְרוּ אֵלֶיךָ
י בֵּית יִשְׂרָאֵל בֵּית הַמֶּרִי מָה אַתָּה עֹשֶׂה׃ אֱמֹר אֲלֵיהֶם
כֹּה אָמַר אֲדֹנָי יֱהֹוִה הַנָּשִׂיא הַמַּשָּׂא הַזֶּה בִּירוּשָׁלַםִ
11 וְכָל־בֵּית יִשְׂרָאֵל אֲשֶׁר־הֵמָּה בְתוֹכָם׃ אֱמֹר אֲנִי מוֹפֶתְכֶם
כַּאֲשֶׁר עָשִׂיתִי כֵּן יֵעָשֶׂה לָהֶם בַּגּוֹלָה בַשְּׁבִי יֵלֵכוּ׃
12 וְהַנָּשִׂיא אֲשֶׁר־בְּתוֹכָם אֶל־כָּתֵף יִשָּׂא בָּעֲלָטָה וְיֵצֵא בַּקִּיר
יַחְתְּרוּ לְהוֹצִיא בוֹ פָּנָיו יְכַסֶּה יַעַן אֲשֶׁר לֹא־יִרְאֶה לַעַיִן
13 הוּא אֶת־הָאָרֶץ׃ וּפָרַשְׂתִּי אֶת־רִשְׁתִּי עָלָיו וְנִתְפַּשׂ
בִּמְצוּדָתִי וְהֵבֵאתִי אֹתוֹ בָבֶלָה אֶרֶץ כַּשְׂדִּים וְאוֹתָהּ לֹא־
14 יִרְאֶה וְשָׁם יָמוּת׃ וְכֹל אֲשֶׁר סְבִיבֹתָיו עֶזְרֹה וְכָל־אֲגַפָּיו
טו אֱזָרֶה לְכָל־רוּחַ וְחֶרֶב אָרִיק אַחֲרֵיהֶם׃ וְיָדְעוּ כִּי־אֲנִי
יְהוָה בַּהֲפִיצִי אוֹתָם בַּגּוֹיִם וְזֵרִיתִי אוֹתָם בָּאֲרָצוֹת׃
16 וְהוֹתַרְתִּי מֵהֶם אַנְשֵׁי מִסְפָּר מֵחֶרֶב מֵרָעָב וּמִדָּבֶר לְמַעַן
יְסַפְּרוּ אֶת־כָּל־תּוֹעֲבוֹתֵיהֶם בַּגּוֹיִם אֲשֶׁר־בָּאוּ שָׁם וְיָדְעוּ
17 18 כִּי־אֲנִי יְהוָה׃ וַיְהִי דְבַר־יְהוָה אֵלַי לֵאמֹר׃ בֶּן
אָדָם לַחְמְךָ בְּרַעַשׁ תֹּאכֵל וּמֵימֶיךָ בְּרָגְזָה וּבִדְאָגָה תִּשְׁתֶּה׃
19 וְאָמַרְתָּ אֶל־עַם הָאָרֶץ כֹּה־אָמַר אֲדֹנָי יֱהֹוִה לְיוֹשְׁבֵי

צוּ הֶערֶען אָבֶּער זֵייא הֶערֶען נִיט, ווייל זֵייא זֶענֶען אַ ווידֶערְשְׁפֶּענִיג הויזְגֶעזִינְד: 3 אָבֶּער דוּא בֶּן־אָדָם, מַאךְ דִיר גָלוּת כֵּלִים, אוּנְד וַואנְדֶער אַוֶועק בֵּייא טָאג פָאר זֵיירֶע אוֹיגֶען, דוּא זָאלְסְט אַוֶועקְ־וַואנְדֶערְן פוּן דֵיין אָרְט פָאר זֵיירֶע אוֹיגֶען, טָאמֶער וֶועלֶען זֵייא עֶס אֵיינְזֶעהֶען, וָוארִין זֵייא זֶענֶען אַ ווידֶערְשְׁפֶּענִיג הויזְ־גֶעזִינְד: 4 אוּנְד דוּא זָאלְסְט אַרוֹיסְבְּרֶענְגֶען דֵיינֶע כֵּלִים אַזוֹי וִויא דִיא כֵּלִים פוּן אַ וֶועקְוַואנְדֶערֶער בֵּייא טָאג פַאר זֵיירֶע אוֹיגֶען, אָבֶּער דוּא זָאלְסְט אַרוֹיסְגֶעהְן בֵּייא נַאכְט פָאר זֵיירֶע אוֹיגֶען אַזוֹי וִויא אֵיינֶער גֶעהְט אַרוֹיס אִין גָלוּת: 5 פָאר זֵיירֶע אוֹיגֶען גְרוּבּ דִיר אוֹיס אַ לָאךְ אִין (דֵיינֶע) וַואנְד אוּנְד דוּרְךְ דֶעם זָאלְסְט דוּא אַרוֹיסְגֶעהֶען: 6 פָאר זֵיירֶע אוֹיגֶען זָאלְסְט דוּא טְרָאגֶען (דֵיינֶע כֵּלִים) אוֹיף דֵיינֶע אַקְסֶעל, וֶוען עֶס וֶוערְט פִינְסְטֶער זָאלְסְט דוּא אַרוֹיסְגֶעהְן, דוּא זָאלְסְט צוּדֶעקֶען דֵיין פָּנִים אַז דוּא זָאלְסְט נִיט זֶעהֶען דָאס לַאנְד, וָוארִין אִיךְ הָאבּ דִיךְ גֶעגֶעבֶּען פַאר אַ צֵייכֶען צוּ דֶעם הוֹיז יִשְׂרָאֵל: 7 אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעטְהוּן אַזוֹי וִויא עֶס אִיז מִיר גֶעבָּאטֶען גֶעוָוארֶען, אִיךְ הָאבּ אַרוֹיסְגֶעבְּרֶענְגְט מֵיינֶע כֵּלִים, בֵּייא טָאג אַזוֹי וִויא דִיא גָלוּת כֵּלִים, אוּנְד אוֹיף דֶער נַאכְט הָאבּ אִיךְ מִיר אוֹיסְגֶעגְרוּבֶּען אַ לָאךְ אִין דִיא וַואנְד מִיט מֵיינֶע הַאנְד, אוּנְד אִים פִינְסְטֶערְן הָאבּ אִיךְ עֶס אַרוֹיסְגֶעבְּרֶענְגְט אוּנְד הָאבּ עֶס גֶעטְרָאגֶען אוֹיף מֵיינֶע אַקְסֶעל פָאר זֵיירֶע אוֹיגֶען: 8 אוּנְד דָאס וָוארְט פוּן דֶעם הַאר אִיז צוּ מִיר גֶעוֶועזֶען אִין דֶער פְרִיה אַזוֹי צוּ זָאגֶען: 9 בֶּן־אָדָם, הָאט נִיט דָאס הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן יִשְׂרָאֵל צוּ דִיר גֶעזָאגְט - דָאס ווידֶערְשְׁפֶּענִיגֶע הוֹיז – וָואס טְהוּסְט דוּא? 10 זָאג צוּ זֵייא, אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר גָאט, אוֹיף דֶעם נָשִׂיא וָואס אִיז אִין יְרוּשָׁלַיִם בִּין אִיךְ מְרַמֵז דִיא דָאזִיגֶע נְבוּאָה, אוּנְד אוֹיף דֶעם גַאנְצֶען הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן יִשְׂרָאֵל וָואס זֶענֶען צְווִישֶׁען זֵייא: 11 זָאג אִיךְ בִּין אֵייעֶר צֵייכֶען, גְרָאד אַזוֹי וִויא אִיךְ הָאבּ גֶעטְהוּן, אַזוֹי וֶועט מֶען צוּ זֵייא טְהוּן, זֵייא וֶועלֶען גֶעהֶען אִין גָלוּת אִין דֶער גֶעפַאנְגֶענְשַׁאפְט: 12 אוּנְד דֶער נָשִׂיא וָואס אִיז צְווִישֶׁען זֵייא וֶועט עֶס טְרָאגֶען אוֹיף זֵיינֶע אַקְסֶעל אִין דֶער פִינְסְטֶער, אוּנְד עֶר וֶועט אַרוֹיסְגֶעהְן, אִין דֶער וַואנְד וֶועלֶען זֵייא אוֹיסְגְרוּבֶּען אַ לָאךְ דוּרְךְ דֶעם אַרוֹיסְצוּבְּרֶענְגֶען, עֶר וֶועט זֵיין פָּנִים צוּדֶעקֶען, כְּדֵי עֶר זָאל נִיט זֶעהֶען מִיט דִיא אוֹיגֶען דָאס לַאנְד: 13 אוּנְד אִיךְ וֶועל אוֹיסְשְׁפְּרֵייטֶען מֵיין נֶעץ אוֹיף אִיהְם, אוּנְד עֶר וֶועט גֶעחַאפְּט וֶוערֶען אִין מֵיין נֶעץ, אוּנְד אִיךְ וֶועל אִיהְם בְּרֶענְגֶען קֵיין בָּבֶל, צוּ דֶעם לַאנְד פוּן דִיא כַּשְׂדִּים, דָאךְ זָאל עֶר עֶס נִיט זֶעהֶען, אוּנְד דָארְט וֶועט עֶר שְׁטַארְבֶּען: 14 אוּנְד אַלֶע וָואס זֶענֶען אַרוּם אִיהְם אוּנְד אַלֶע זֵיינֶע חַיָילוֹת אִיהְם צוּ הֶעלְפֶען וֶועל אִיךְ פֶערְשְׁפְּרֵייטֶען צוּ אַלֶע ווינְדֶען, אוּנְד אִיךְ וֶועל אוֹיסְצִיהֶען אַ שְׁוֶוערְד הִינְטֶער זֵייא: 15 אוּנְד זֵייא זָאלֶען ווִיסֶען אַז אִיךְ בִּין דֶער הַאר, וֶוען אִיךְ וֶועל זֵייא פֶערְשְׁפְּרֵייטֶען אוּנְטֶער דִיא גוֹיִם אוּנְד זֵייא צוּשְׁטְרֵייעֶן אִין דִיא לֶענְדֶער: 16 אָבֶּער אִיךְ וֶועל פוּן זֵייא אִיבֶּערְלָאזֶען עֶטְלִיכֶע וֶוענִיגֶע לֵייט, פוּן דֶעם שְׁוֶוערְד, פוּן דֶעם הוּנְגֶער אוּנְד פוּן דֶער פֶּעסְט, כְּדֵי זֵייא זָאלֶען דֶערְצֶעהְלֶען אַלֶע זֵיירֶע אוּמְוֶוערְדִיגֶע מַעֲשִׂים אוּנְטֶער דִיא גוֹיִם אַהִין וואוּ זֵייא וֶועלֶען דָארְט אַהִינְקוּמֶען, אוּנְד זֵייא וֶועלֶען ווִיסֶען אַז אִיךְ בִּין דֶער הַאר: 17 אוּנְד דָאס וָוארְט פוּן דֶעם הַאר אִיז צוּ מִיר גֶעוֶועזֶען אַזוֹי צוּ זָאגֶען: 18 בֶּן־אָדָם, דוּא זָאלְסְט עֶסֶען דֵיין בְּרוֹיט מִיט צִיטֶערְנִיס, אוּנְד מִיט צִיטֶערְן אוּנְד זָארְג זָאלְסְט דוּא דֵיין וַואסֶער טְרִינְקֶען: 19 אוּנְד דוּא זָאלְסְט זָאגֶען צוּ דֶעם פָאלְק פוּן דֶעם לַאנְד, אַזוֹי הָאט דֶער הַאר גָאט גֶעזָאגְט צוּ דִיא בֶּעוואוֹינֶער

פוּן

יְרוּשָׁלִַם אֶל־אַדְמַת יִשְׂרָאֵל לַחְמָם בִּדְאָגָה יֹאכֵלוּ
וּמֵימֵיהֶם בְּשִׁמָּמוֹן יִשְׁתּוּ לְמַעַן תֵּשַׁם אַרְצָהּ מִמְּלֹאָהּ
מֵחֲמַס כָּל־הַיֹּשְׁבִים בָּהּ: וְהֶעָרִים הַנּוֹשָׁבוֹת תֶּחֱרַבְנָה כ
וְהָאָרֶץ שְׁמָמָה תִהְיֶה וִידַעְתֶּם כִּי־אֲנִי יְהוָֹה: וַיְהִי 21
דְבַר־יְהוָֹה אֵלַי לֵאמֹר: בֶּן־אָדָם מָה־הַמָּשָׁל הַזֶּה לָכֶם 22
עַל־אַדְמַת יִשְׂרָאֵל לֵאמֹר יַאַרְכוּ הַיָּמִים וְאָבַד כָּל־חָזוֹן:
לָכֵן אֱמֹר אֲלֵיהֶם כֹּה־אָמַר אֲדֹנָי יֱהוִֹה הִשְׁבַּתִּי אֶת־ 23
הַמָּשָׁל הַזֶּה וְלֹא־יִמְשְׁלוּ אֹתוֹ עוֹד בְּיִשְׂרָאֵל כִּי אִם־דַּבֵּר
אֲלֵיהֶם קָרְבוּ הַיָּמִים וּדְבַר כָּל־חָזוֹן: כִּי לֹא יִהְיֶה עוֹד 24
כָּל־חֲזוֹן שָׁוְא וּמִקְסַם חָלָק בְּתוֹךְ בֵּית יִשְׂרָאֵל: כִּי ׀ אֲנִי כה
יְהוָֹה אֲדַבֵּר אֵת אֲשֶׁר אֲדַבֵּר דָּבָר וְיֵעָשֶׂה לֹא תִמָּשֵׁךְ
עוֹד כִּי בִימֵיכֶם בֵּית הַמֶּרִי אֲדַבֵּר דָּבָר וַעֲשִׂיתִיו נְאֻם
אֲדֹנָי יֱהוִֹה: וַיְהִי דְבַר־יְהוָֹה אֵלַי לֵאמֹר: בֶּן־אָדָם 26 27
הִנֵּה בֵית־יִשְׂרָאֵל אֹמְרִים הֶחָזוֹן אֲשֶׁר־הוּא חֹזֶה לְיָמִים
רַבִּים וּלְעִתִּים רְחוֹקוֹת הוּא נִבָּא: לָכֵן אֱמֹר אֲלֵיהֶם כֹּה 28
אָמַר אֲדֹנָי יֱהוִֹה לֹא־תִמָּשֵׁךְ עוֹד כָּל־דְּבָרָי אֲשֶׁר אֲדַבֵּר
דָּבָר וְיֵעָשֶׂה נְאֻם אֲדֹנָי יֱהוִֹה:

יג

וַיְהִי דְבַר־יְהוָֹה אֵלַי לֵאמֹר: בֶּן־אָדָם הִנָּבֵא אֶל־נְבִיאֵי א 2
יִשְׂרָאֵל הַנִּבָּאִים וְאָמַרְתָּ לִנְבִיאֵי מִלִּבָּם שִׁמְעוּ דְּבַר־
יְהוָֹה: כֹּה אָמַר אֲדֹנָי יֱהוִֹה הוֹי עַל־הַנְּבִיאִים הַנְּבָלִים 3
אֲשֶׁר הֹלְכִים אַחַר רוּחָם וּלְבִלְתִּי רָאוּ: כְּשֻׁעָלִים בָּחֳרָבוֹת 4
נְבִיאֶיךָ יִשְׂרָאֵל הָיוּ: לֹא עֲלִיתֶם בַּפְּרָצוֹת וַתִּגְדְּרוּ גָדֵר ה
עַל־בֵּית יִשְׂרָאֵל לַעֲמֹד בַּמִּלְחָמָה בְּיוֹם יְהוָֹה: חָזוּ שָׁוְא 6
וְקֶסֶם כָּזָב הָאֹמְרִים נְאֻם־יְהוָֹה וַיהוָֹה לֹא שְׁלָחָם וְיִחֲלוּ
לְקַיֵּם דָּבָר: הֲלוֹא מַחֲזֵה־שָׁוְא חֲזִיתֶם וּמִקְסַם כָּזָב 7
אֲמַרְתֶּם וְאֹמְרִים נְאֻם־יְהוָֹה וַאֲנִי לֹא דִבַּרְתִּי:
לָכֵן כֹּה אָמַר אֲדֹנָי יֱהוִֹה יַעַן דַּבֶּרְכֶם שָׁוְא וַחֲזִיתֶם כָּזָב 8

פון יְרוּשָׁלַיִם אוּנד פוּן אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל, זֵייא וֶועלֶען עֶסֶען זֵייעֶר בְּרוֹיט מִיט זָארְג אוּנד זֵייא וֶועלֶען טְרִינְקֶען זֵייעֶר וַואסֶער מִיט פֶּערְוָואוּנְדֶערוּנְג (אָדֶער פֶּערְוִויסְטוּנְג) כְּדֵי דָאס לַאנְד זָאל וִויסְט וֶוערֶען וֶועגֶען דֶער פוּלְהֵייט פוּן דִיא רוֹיבֶּעֲרֵייא פוּן אַלֶע וָואס וְואוֹינֶען דַארִין: 20 אוּנְד דִיא בֶּעוְואוֹינְטֶע שְׁטֶעט וֶועלֶען חָרוּב וֶוערֶען, אוּנְד דָאס לַאנְד זָאל וִויסְט וֶוערֶען, אוּנְד אִיהְר זָאלְט וִויסֶען אַז אִיךְ בִּין דֶער הַאר: 21 אוּנְד דָאס וָוארְט פוּן דֶעם הַאר אִיז צוּ מִיר גֶעוֶועזֶען אַזוֹי צוּ זָאגֶען: 22 בֶּן־אָדָם, וָואס אִיז דָאס דָאזִיגֶע מָשָׁל וָואס אִיהְר הָאט אִין אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, דִיא טֶעג וֶועלֶען דֶערְלֶענְגֶערְט וֶוערֶען, אוּנְד דִיא גַאנְצֶע נְבוּאָה וֶועט פֶערְלִוירֶען וֶוערֶען? 23 דָארוּם זָאלְסְט דוּא צוּ זֵייא זָאגֶען, אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר גָאט, אִיךְ וֶועל לָאזֶען אוֹיפְהֶערֶען דָאס דָאזִיגֶע מָשָׁל, אוּנְד זֵייא וֶועלֶען נִיט מֶעהְר זָאגֶען דָאס מָשָׁל אִין יִשְׂרָאֵל, נֵייעֶרְט זָאג צוּ זֵייא, אַז דִיא טֶעג זֶענֶען נָאהֶענְט אוּנְד דִיא רֵייד פוּן אִיטְלִיכֶע נְבוּאָה: 24 וָוארִין עֶס וֶועט נִיט מֶעהְר זֵיין קֵיין שׁוּם פַאלְשֶׁע נְבִיאוֹת אוּנְד קֵיין כִּישׁוּף פוּן חֲנִיפָה צְוִוישֶׁען דֶעם הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן יִשְׂרָאֵל: 25 וָוארִין אִיךְ בִּין דֶער הַאר, אִיךְ וֶועל רֶעדֶען, אוּנְד דָאס וָוארְט וָואס אִיךְ וֶועל רֶעדֶען וֶועט אוֹיךְ אָנְקוּמֶען, עֶס וֶועט נִיט אוֹיפְגֶעשׁוֹיבֶּען (אָדֶער פֶּערְצוֹיגֶען) וֶוערֶען, וָוארִין אִין אֵייעֶרֶע טֶעג, אִיהְר ווִידֶערְשְׁפֶּענִיגֶעס הוֹיז וֶועל אִיךְ דָאס וָוארְט רֶעדֶען, אוּנְד אִיךְ וֶועל עֶס טְהוּן, זָאגְט דֶער הַאר גָאט: 26 אוּנְד דָאס וָוארְט פוּן דֶעם הַאר אִיז צוּ מִיר גֶעוֶועזֶען אַזוֹי צוּ זָאגֶען: 27 בֶּן־אָדָם, זֶעה דָאס הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן יִשְׂרָאֵל זָאגֶען דָאס דִיא נְבִיאוֹת וָואס (דֶער נָבִיא) זֶעהְט וֶועט עֶרְשְׁט זֵיין נָאךְ פִילֶע טֶעג, אוּנְד עֶר זָאגְט נְבִיאוֹת אוֹיף צֵייטֶען וָואס זֶענֶען פוּן ווַייטֶען: 28 דָארוּם זָאלְסְט דוּא צוּ זֵייא זָאגֶען, אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר גָאט, קֵיינֶע פוּן מֵיינֶע וֶוערְטֶער וֶועלֶען נִיט מֶעהְר פֶּערְצוֹיגֶען וֶוערֶען, נֵייעֶרְט דָאס וָוארְט וָואס אִיךְ הָאבּ גֶערֶעט זָאל גֶעטְהוּן וֶוערֶען, זָאגְט דֶער הַאר גָאט:

קאפיטעל יג

1 אוּנְד דָאס וָוארְט פוּן דֶעם הַאר אִיז צוּ מִיר גֶעוֶועזֶען, אַזוֹי צוּ זָאגֶען: 2 בֶּן־אָדָם, זָאג נְבִיאוֹת צוּ דִיא (פַאלְשֶׁע) נְבִיאִים פוּן יִשְׂרָאֵל וָואס זָאגֶען נְבִיאוֹת, אוּנְד דוּא זָאלְסְט זָאגֶען צוּ דִיא וָואס זָאגֶען נְבִיאוֹת פוּן זֵייעֶר אֵייגֶען הַארְץ, הֶערְט דָאךְ דָאס וָוארְט פוּן דֶעם הַאר: 3 אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר גָאט, אוֹי וֶועה, צוּ דִיא נַארִישֶׁע נְבִיאִים, וָואס גֶעהְן נָאךְ נָאךְ זֵייעֶר אֵייגֶענֶעם ווִילֶען, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גָארְנִיט גֶעזֶעהֶען: 4 אוֹי יִשְׂרָאֵל! דֵיינֶע נְבִיאִים זֶענֶען ווִיא פוּקְסֶען אִין דִיא חוּרְבוֹת: 5 אִיהְר זֶענְט נִיט אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען אִין דִיא בְּרֶעךְ אוּנְד אִיהְר הָאט נִיט פֶּערְצוֹימְט דֶעם צוֹים פַאר דֶעם הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן יִשְׂרָאֵל כְּדֵי זֵייא זָאלֶען קֶענֶען בֶּעשְׁטֶעהְן אִין דֶער מִלְחָמָה אִין דֶעם טָאג פוּן דֶעם הַאר: 6 זֵייא זָאגֶען פַאלְשֶׁע נְבִיאוֹת אוּנְד מַאכֶען כִּישׁוּף מִיט לִיגֶען, זֵייא זָאגֶען, אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר, אָבֶּער דֶער הַאר הָאט זֵייא נִיט גֶעשִׁיקְט, אוּנְד זֵייא מַאכֶען זֵייא הָאפֶען אַז זֵייעֶר וָוארְט זָאל מְקוּיָם וֶוערֶען: 7 הָאט אִיהְר נִיט גֶעזֶעהֶען פַאלְשֶׁע נְבִיאוֹת, אוּנְד אִיהְר הָאט גֶעזָאגְט אַ כִּישׁוּף לִיגֶען, וֶוען אִיהְר הָאט גֶעזָאגְט, אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר, אָבֶּער אִיךְ הָאבּ נִיט גֶערֶעט? 8 דָארוּם, אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר גָאט, ווַייל אִיהְר רֶעט פַאלְשׁ אוּנְד זָאגְט נְבִיאוֹת לִיגֶען,

דארום

9 לכן הנני אליכם נאם אדני יהוה: והיתה ידי אל־
הנביאים החזים שוא והקסמים כזב בסוד עמי לא־יהיו
ובכתב בית־ישראל לא יכתבו ואל־אדמת ישראל לא
י יבאו וידעתם כי־אני אדני יהוה: יען וביען הטעו את־
עמי לאמר שלום ואין שלום והוא בנה חיץ והנם טחים
11 אתו תפל: אמר אל־טחי תפל ויפל היה ׀ גשם שוטף
ואתנה אבני אלגביש תפלנה ורוח סערות תבקע:
12 והנה נפל הקיר הלוא יאמר אליכם איה הטיח אשר
13 טחתם: לכן כה אמר אדני יהוה ובקעתי רוח־
סערות בחמתי וגשם שטף באפי יהיה ואבני אלגביש
14 בחמה לכלה: והרסתי את־הקיר אשר־טחתם תפל
והגעתיהו אל־הארץ ונגלה יסדו ונפלה וכליתם בתוכה
טו וידעתם כי־אני יהוה: וכליתי את־חמתי בקיר ובטחים
16 אתו תפל ואמר לכם אין הקיר ואין הטחים אתו: נביאי
ישראל הנבאים אל־ירושלם והחזים לה חזון שלם
17 ואין שלם נאם אדני יהוה: ואתה בן־אדם שים
פניך אל־בנות עמך המתנבאות מלבהן והנבא עליהן:
18 ואמרת כה־אמר ׀ אדני יהוה הוי למתפרות כסתות
על ׀ כל־אצילי ידי ועשות המספחות על־ראש כל־
קומה לצודד נפשות הנפשות תצודדנה לעמי ונפשות
19 לכנה תחיינה: ותחללנה אתי אל־עמי בשעלי שעורים
ובפתותי לחם להמית נפשות אשר לא־תמותנה ולחיות
נפשות אשר לא־תחיינה בכזבכם לעמי שמעי כזב:
כ לכן כה־אמר ׀ אדני יהוה הנני אל־כסתותיכנה
אשר אתנה מצדדות שם את־הנפשות לפרחות וקרעתי
אתם מעל זרועתיכם ושלחתי את־הנפשות אשר אתם
21 מצדדות את־נפשים לפרחות: וקרעתי את־מספחתיכם

דארום, זעה איך בין קעגען אייך, זאגט דער האר גאט: 9 אונד מיינע האנד וועט זיין אויף די נביאים וואס זעהען פאלשקייט אונד מאכען כישוף מיט ליגען, זייא זאלען ניט זיין אין דער עצה פון מיין פאלק, אונד זייא זאלען ניט איינגעשריבען ווערען אין דער איינשרייבונג פון דעם הויזגעזינד פון ישראל, אונד קיין ארץ ישראל זאלען זייא ניט קומען, אונד איהר זאלט וויסען דאס איך בין דער האר גאט: 10 דארום ווייל זייא האבען מיין פאלק פערפיהרט אונד געזאגט שלום, אונד עס איז קיין שלום, אונד איינער בויעט אויף א וואנד, אונד זעה איין אנדערער בעשמירט זיא מיט אומגעמישטען קאלך: 11 אונד זאג צו דעם וואס בעשמירט מיט אומגעמישטען קאלך—אז עס וועט ארונטער פאלען; עס וועט זיין א פערפלייצטער רעגען, אונד איך וועל געבען האגעלשטיינער, זייא וועלען פאלען, אונד א שטורמווינד וועט צושפאלטען: 12 אונד זעה, ווען די וואנד וועט איינפאלען, זאל עס ניט צו אייך געזאגט ווערען, אוואו איז די בעשמירונג מיט וואס איהר האט בעשמירט? 13 דארום אזוי זאגט דער האר גאט, איך וועל צושפאלטען די וואנד אין מיין גרימצארן מיט א שטורמווינד אונד א פערפלייצענדיגער רעגען וועט זיין דורך מיין צארן, אונד גרויסע האגעלשטיינער דורך מיין גרימצארן כדי עס זאל פערדארבען ווערען: 14 אונד איך וועל אפברעכען די וואנד וועלכע איהר האט בעשמיערט מיט אומגעמישטען קאלך, אז זיא זאל גרייכען ביז צו דער ערד, אזוי אז דער יסוד זאל אנטפלעקט ווערען, אונד זיא (די וואנד) וועט איינפאלען אונד איהר וועט צווישען איהר אומקומען, אונד איהר וועט וויסען אז איך בין דער האר: 15 אונד איך וועל פערלענדען מיין גרימצארן אן דער וואנד, אונד קעגען די וואס האבען זיא בעשמיערט מיט אומגעמישטען קאלך, אונד מען וועט צו אייך זאגען, די וואנד איז ניט מעהר דא, אויך ניט די וואס האבען זיא בעשמיערט: 16 די נביאים פון ישראל, וואס האבען נביאות געזאגט וועגען ירושלים, אונד די זעהערס וואס האבען וועגען איהר געזעהען שלום, אבער עס איז קיין שלום, זאגט דער האר גאט: 17 אונד דו בן־אדם, טהוא דיין פנים קעגען די טעכטער פון דיין פאלק, וואס זאגען נביאות פון זייערע הערצער, אונד זאג אויף זייא נביאות: 18 אונד דו זאלסט זאגען, אזוי זאגט דער האר גאט, אוי וועה, צו די וואס נייען צוזאמען קישעלעך אויף איטליכען געלענק פון די הענד, אונד מאכען שלייערס אויף די קעפ פון איטליכען אויפגעשטעלטען בילד, כדי נפשות צו חאפען! ווילט איהר חאפען די נפשות פון מיין פאלק, אונד ווילט איהר דען דערהאלטען ביים לעבען די נפשות וואס קומען צו אייך? 19 אונד ווילט איהר מיך פערשוועכען פאר מיין פאלק פאר עטליכע הענד־פול גערשטען, אונד פאר עטליכע שטיק ברויט צו טייטען זאלכע נפשות וואס זאלען ניט געטייט ווערען, אונד צו דערהאלטען ביים לעבען זאלכע נפשות וואס זאלען ניט לעבען, דורך אייער ליגען זאגען צו מיין פאלק וואס הערען איירע ליגען? 20 דארום, אזוי זאגט דער האר גאט, זעהט, איך בין קעגען איירע קישעלעך מיט וועלכע איהר חאפט דארטען די נפשות אז זייא זאלען פליהען, אונד איך וועל זייא ארויסרייסען פון זייערע ארעמעס, אונד איך וועל פרייא אוועקשיקען די נפשות וואס איהר האט געחאפט כדי זייא זאלען פליהען: 21 אונד איך וועל אפרייסען איירע שלייערס

אונד

וְהִצַּלְתִּ֤י אֶת־עַמִּי֙ מִיֶּדְכֶ֔ן וְלֹא־יִהְי֥וּ ע֛וֹד בְּיֶדְכֶ֖ן לִמְצוּדָ֑ה
וִֽידַעְתֶּ֖ן כִּֽי־אֲנִ֥י יְהוָֽה׃ יַ֣עַן הַכְא֤וֹת לֵב־צַדִּיק֙ שֶׁ֔קֶר וַאֲנִ֖י לֹ֣א 22
הִכְאַבְתִּ֑יו וּלְחַזֵּק֙ יְדֵ֣י רָשָׁ֔ע לְבִלְתִּי־שׁ֛וּב מִדַּרְכּ֥וֹ הָרָ֖ע
לְהַחֲיֹתֽוֹ׃ לָכֵ֗ן שָׁ֚וְא לֹ֣א תֶחֱזֶ֔ינָה וְקֶ֖סֶם לֹא־תִקְסַ֣מְנָה ע֑וֹד 23
וְהִצַּלְתִּ֤י אֶת־עַמִּי֙ מִיֶּדְכֶ֔ן וִֽידַעְתֶּ֖ן כִּֽי־אֲנִ֥י יְהוָֽה׃

יד יד

וַיָּב֥וֹא אֵלַ֛י אֲנָשִׁ֖ים מִזִּקְנֵ֣י יִשְׂרָאֵ֑ל וַיֵּשְׁב֖וּ לְפָנָֽי׃ וַיְהִ֥י א 2
דְבַר־יְהוָ֖ה אֵלַ֥י לֵאמֹֽר׃ בֶּן־אָדָ֗ם הָאֲנָשִׁ֤ים הָאֵ֙לֶּה֙ הֶעֱל֤וּ 3
גִלּֽוּלֵיהֶם֙ עַל־לִבָּ֔ם וּמִכְשׁ֣וֹל עֲוֺנָ֔ם נָתְנ֖וּ נֹ֣כַח פְּנֵיהֶ֑ם הַאִדָּרֹ֥שׁ
אִדָּרֵ֖שׁ לָהֶֽם׃ לָכֵ֞ן דַּבֵּר־אוֹתָ֣ם וְאָמַרְתָּ֣ אֲלֵיהֶ֗ם 4
כֹּֽה־אָמַר֮ ׀ אֲדֹנָ֣י יְהוִה֒ אִ֣ישׁ אִ֣ישׁ מִבֵּ֣ית יִשְׂרָאֵ֡ל אֲשֶׁר֩
יַעֲלֶ֨ה אֶת־גִּלּוּלָ֜יו אֶל־לִבּ֗וֹ וּמִכְשׁ֤וֹל עֲוֺנוֹ֙ יָשִׂים֙ נֹ֣כַח פָּנָ֔יו
וּבָ֖א אֶל־הַנָּבִ֑יא אֲנִ֣י יְהוָ֗ה נַעֲנֵ֤יתִי לוֹ֙ בָ֔הּ בְּרֹ֖ב גִּלּוּלָֽיו׃
לְמַ֛עַן תְּפֹ֥שׂ אֶת־בֵּֽית־יִשְׂרָאֵ֖ל בְּלִבָּ֑ם אֲשֶׁ֤ר נָזֹ֙רוּ֙ מֵֽעָלַ֔י ה
בְּגִלּוּלֵיהֶ֖ם כֻּלָּֽם׃ לָכֵ֞ן אֱמֹ֣ר ׀ אֶל־בֵּ֣ית יִשְׂרָאֵ֗ל 6
כֹּ֤ה אָמַר֙ אֲדֹנָ֣י יְהוִ֔ה שׁ֚וּבוּ וְהָשִׁ֔יבוּ מֵעַ֖ל גִּלּוּלֵיכֶ֑ם וּמֵעַ֥ל
כָּל־תּוֹעֲבֹתֵיכֶ֖ם הָשִׁ֥יבוּ פְנֵיכֶֽם׃ כִּי֩ אִ֨ישׁ אִ֜ישׁ מִבֵּ֣ית 7
יִשְׂרָאֵ֗ל וּמֵהַגֵּר֮ אֲשֶׁר־יָג֣וּר בְּיִשְׂרָאֵל֒ וְיִנָּזֵ֣ר מֵֽאַחֲרַ֗י וְיַ֤עַל
גִּלּוּלָיו֙ אֶל־לִבּ֔וֹ וּמִכְשׁ֣וֹל עֲוֺנ֔וֹ יָשִׂ֖ים נֹ֣כַח פָּנָ֑יו וּבָא֙ אֶל־
הַנָּבִ֔יא לִדְרָשׁ־ל֖וֹ בִ֑י אֲנִ֣י יְהוָ֔ה נַעֲנֶה־לּ֖וֹ בִּֽי׃ וְנָתַתִּ֨י פָנַ֜י 8
בָּאִ֣ישׁ הַה֗וּא וַהֲשִׁמֹתִ֙יהוּ֙ לְא֣וֹת וְלִמְשָׁלִ֔ים וְהִכְרַתִּ֖יו
מִתּ֣וֹךְ עַמִּ֑י וִֽידַעְתֶּ֖ם כִּֽי־אֲנִ֥י יְהוָֽה׃ וְהַנָּבִ֤יא כִֽי־יְפֻתֶּה֙ 9
וְדִבֶּ֣ר דָּבָ֔ר אֲנִ֣י יְהוָ֔ה פִּתֵּ֔יתִי אֵ֖ת הַנָּבִ֣יא הַה֑וּא וְנָטִ֤יתִי אֶת־
יָדִי֙ עָלָ֔יו וְהִ֨שְׁמַדְתִּ֔יו מִתּ֖וֹךְ עַמִּ֥י יִשְׂרָאֵֽל׃ וְנָשְׂא֖וּ עֲוֺנָ֑ם י
כַּעֲוֺן֙ הַדֹּרֵ֔שׁ כַּעֲוֺ֥ן הַנָּבִ֖יא יִהְיֶֽה׃ לְמַ֡עַן לֹֽא־יִתְע֨וּ ע֤וֹד בֵּֽית־ 11
יִשְׂרָאֵל֙ מֵאַחֲרַ֔י וְלֹא־יִטַּמְּא֥וּ ע֖וֹד בְּכָל־פִּשְׁעֵיהֶ֑ם וְהָ֣יוּ לִ֣י
לְעָ֗ם וַאֲנִי֙ אֶהְיֶ֤ה לָהֶם֙ לֵֽאלֹהִ֔ים נְאֻ֖ם אֲדֹנָ֥י יְהוִֽה׃

אוּנְד אִיךְ וֶועל מֵיין פָאלְק מַצִיל זֵיין פוּן אֵייעֶרע הֶענְד, אַז זֵייא זָאלֶען נִיט מֶעהְר זֵיין אִין אֵייעֶרע הֶענְד גֶעכַאפְּט צוּ וֶוערֶען, אוּנְד אִיהְר וֶועט וִויסֶען אַז אִיךְ בִּין דֶער הַאר: 22 וֵוייל אִיהְר הָאט וֶועה גֶעטְהוּן דָאס הַארְץ פוּן דֶעם צַדִיק מִיט לִיגֶען, וֶועמֶען אִיךְ הָאבּ נִיט וֶועה גֶעטְהוּן, אוּנְד אִיהְר הָאט גֶעשְׁטַארְקְט דִיא הֶענְד פוּן דֶעם רָשָׁע כְּדֵי עֶר זָאל זִיךְ נִיט צוּרִיקְ־קֶעהְרֶען פוּן זֵיין שְׁלֶעכְטֶען וֶועג אַז עֶר זָאל לֶעבֶּען בְּלֵייבֶּען: 23 דָארוּם זָאלְט אִיהְר נִיט מֶעהְר זֶעהֶען פַאלְשֶׁע נְבִיאוֹת, אוּנְד אִיהְר וֶועט שׁוֹין נִיט מֶעהְר קֵיין כִּישׁוּף מַאכֶען, וָוארִין אִיךְ וֶועל מֵיין פָאלְק מַצִיל זֵיין פוּן אֵייעֶרע הֶענְד, אוּנְד אִיהְר וֶועט וִויסֶען אַז אִיךְ בִּין דֶער הַאר:

## קאפיטעל יד

1 אוּנְד עֶס זֶענֶען צוּ מִיר גֶעקוּמֶען מֶענֶער פוּן דִיא עֶלְצְטֶע פוּן יִשְׂרָאֵל, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זִיךְ פָאר מִיר גֶעזֶעצְט: 2 אוּנְד דָאס וָוארְט פוּן דֶעם הַאר אִיז צוּ מִיר גֶעוֶועזֶען, אַזוֹי צוּ זָאגֶען: 3 בֶּן־אָדָם, דִיא דָאזִיגֶע מֶענֶער הָאבֶּען אַרוֹיפְגֶעבְּרֶענְגְט זֵייעֶרע אָפְּגֶעטֶער אוֹיף זֵייעֶר הַארְץ, אוּנְד דִיא שְׁטְרוֹיכְלוּנְג פוּן זֵייעֶרע זִינְד הָאבֶּען זֵייא גֶעגֶעבֶּען קֶעגֶען זֵייעֶרע פֶּענֶעמֶער, זָאל אִיךְ מִיךְ גֶעוִוים פוּן זֵייא דֶערְפָארְשֶׁען לָאזֶען? 4 דָארוּם רֶעד צוּ זֵייא, אוּנְד דוּא זָאלְסְט צוּ זֵייא זָאגֶען, אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר גָאט, אִיטְלִיכֶער מַאן פוּן דֶעם הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן יִשְׂרָאֵל וָואס וֶועט אוֹיפְנֶעמֶען זֵיינֶע אָפְּגֶעטֶער אִין זֵיין הַארְץ אוּנְד הָאט פַאר זִיךְ גֶעמַאכְט אַ שְׁטְרוֹיכְלוּנְג פַאר זֵיינֶע זִינְד, אוּנְד עֶר קוּמְט צוּ דֶעם נָבִיא, אַזוֹי וֶועל אִיךְ, דֶער הַאר, עֶנְטְפֶערְן דֶעם וָואס קוּמְט מִיט זֵיינֶע פִילֶע אָפְּגֶעטֶער: 5 כְּדֵי אִיךְ זָאל נֶעמֶען דָאס הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן יִשְׂרָאֵל דוּרְךְ זֵייעֶר אֵייגֶען הַארְץ, וֵוייל זֵייא הָאבֶּען זִיךְ אַלֶע פוּן מִיר אָפְּגֶעשֵׁייט דוּרְךְ זֵייעֶרע אָפְּגֶעטֶער: 6 דָארוּם זָאג צוּ דֶעם הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן יִשְׂרָאֵל, אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר גָאט, קֶעהְרְט אֵייךְ אִים גַאנְצֶען אַוֶועק פוּן אֵייעֶרע אָפְּגֶעטֶער, אוּנְד קֶעהְרְט אַוֶועק אֵייעֶר פָּנִים פוּן אַלֶע אֵייעֶרע אוּמְוֶוערְדִיגְקֵייטֶען: 7 וָוארִין אִיטְלִיכֶער מַאן פוּן דֶעם הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן יִשְׂרָאֵל, אוּנְד דֶער גֵר וָואס הַאלְט זִיךְ אוֹיף צְווִישֶׁען יִשְׂרָאֵל, וָואס שֵׁייט זִיךְ אָפּ פוּן מִיר, אוּנְד נֶעמְט אוֹיף זֵיינֶע אָפְּגֶעטֶער אִין זֵיין הַארְץ, אוּנְד מַאכְט אַ שְׁטְרוֹיכְלוּנְג פוּן זֵיינֶע זִינְד קֶעגֶען זֵיין פָּנִים, אוּנְד עֶר קוּמְט צוּ דֶעם נָבִיא בֵּייא אִיהְם נָאכְצוּפָארְשֶׁען וֶועגֶען מִיר, אַזוֹי וֶועל אִיךְ, דֶער הַאר, אִיהְם עֶנְטְפֶערְן בֵּייא מִיר זֶעלְבְּסְט: 8 אוּנְד אִיךְ וֶועל מֵיין פָּנִים רִיכְטֶען קֶעגֶען דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען מַאן, אוּנְד אִיךְ וֶועל אִיהְם מַאכֶען פַאר אַ צֵייכֶען אוּנְד פַאר אַ מָשָׁל, אוּנְד אִיךְ וֶועל אִיהְם פֶערְטִילְגֶען פוּן צְווִישֶׁען מֵיין פָאלְק, אוּנְד אִיהְר וֶועט וִויסֶען אַז אִיךְ בִּין דֶער הַאר: 9 אוּנְד וֶוען דֶער נָבִיא אִיז פֶערְפִיהְרְט גֶעוָוארֶען וֶוען עֶר רֶעט אַ וָוארְט, אַזוֹי הָאבּ אִיךְ, דֶער הַאר, פֶערְפִיהְרְט דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען נָבִיא, אוּנְד אִיךְ הָאבּ אוֹיסְגֶעשְׁטְרֶעקְט מֵיינֶע הַאנְד קֶעגֶען אִיהְם, אוּנְד אִיךְ וֶועל אִיהְם פֶערְטִילְגֶען פוּן צְווִישֶׁען מֵיין פָאלְק יִשְׂרָאֵל: 10 אוּנְד זֵייא וֶועלֶען טְרָאגֶען דִיא שְׁטְרָאף פַאר זֵייעֶרע זִינְד, דִיא שְׁטְרָאף פוּן דֶעם נָבִיא וֶועט זֵיין גְרָאד אַזוֹי וִוִיא דִיא שְׁטְרָאף פוּן דֶעם וָואס פָארְשְׁט בֵּייא אִיהְם: 11 כְּדֵי דָאס הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן יִשְׂרָאֵל זָאל זִיךְ נִיט מֶעהְר פֶערְאִירֶען פוּן הִינְטֶער מִיר, אוּנְד אַז זֵייא זָאלֶען זִיךְ נִיט מֶעהְר מְטַמֵא זֵיין מִיט אַלֶע זֵייעֶרע זִינְד, נֵייעֶרְט זֵייא זָאלֶען צוּ מִיר זֵיין צוּ אַ פָאלְק, אוּנְד אִיךְ וֶועל צוּ זֵייא זֵיין צוּ אַ גָאט, זָאגְט דֶער הַאר גָאט:

12 13 וַיְהִי דְבַר־יְהוָה אֵלַי לֵאמֹר׃ בֶּן־אָדָם אֶרֶץ כִּי תֶחֱטָא־לִי
לִמְעָל־מַעַל וְנָטִיתִי יָדִי עָלֶיהָ וְשָׁבַרְתִּי לָהּ מַטֵּה־לָחֶם
14 וְהִשְׁלַחְתִּי־בָהּ רָעָב וְהִכְרַתִּי מִמֶּנָּה אָדָם וּבְהֵמָה׃ וְהָיוּ
שְׁלֹשֶׁת הָאֲנָשִׁים הָאֵלֶּה בְּתוֹכָהּ נֹחַ דָּנִאֵל וְאִיּוֹב הֵמָּה
טו בְצִדְקָתָם יְנַצְּלוּ נַפְשָׁם נְאֻם אֲדֹנָי יֱהוִה׃ לוּ־חַיָּה רָעָה
אַעֲבִיר בָּאָרֶץ וְשִׁכְּלָתָּה וְהָיְתָה שְׁמָמָה מִבְּלִי עוֹבֵר מִפְּנֵי
16 הַחַיָּה׃ שְׁלֹשֶׁת הָאֲנָשִׁים הָאֵלֶּה בְּתוֹכָהּ חַי־אָנִי נְאֻם אֲדֹנָי
יֱהוִה אִם־בָּנִים וְאִם־בָּנוֹת יַצִּילוּ הֵמָּה לְבַדָּם יִנָּצֵלוּ וְהָאָרֶץ
17 תִּהְיֶה שְׁמָמָה׃ אוֹ חֶרֶב אָבִיא עַל־הָאָרֶץ הַהִיא וְאָמַרְתִּי
18 חֶרֶב תַּעֲבֹר בָּאָרֶץ וְהִכְרַתִּי מִמֶּנָּה אָדָם וּבְהֵמָה׃ וּשְׁלֹשֶׁת
הָאֲנָשִׁים הָאֵלֶּה בְּתוֹכָהּ חַי־אָנִי נְאֻם אֲדֹנָי יֱהוִה לֹא יַצִּילוּ
19 בָּנִים וּבָנוֹת כִּי הֵם לְבַדָּם יִנָּצֵלוּ׃ אוֹ דֶּבֶר אֲשַׁלַּח אֶל־
הָאָרֶץ הַהִיא וְשָׁפַכְתִּי חֲמָתִי עָלֶיהָ בְּדָם לְהַכְרִית מִמֶּנָּה
כ אָדָם וּבְהֵמָה׃ וְנֹחַ דָּנִאֵל וְאִיּוֹב בְּתוֹכָהּ חַי־אָנִי נְאֻם
אֲדֹנָי יֱהוִה אִם־בֵּן אִם־בַּת יַצִּילוּ הֵמָּה בְצִדְקָתָם יַצִּילוּ
21 נַפְשָׁם׃ כִּי כֹה אָמַר אֲדֹנָי יֱהוִה אַף כִּי־אַרְבַּעַת
שְׁפָטַי ׀ הָרָעִים חֶרֶב וְרָעָב וְחַיָּה רָעָה וָדֶבֶר שִׁלַּחְתִּי
22 אֶל־יְרוּשָׁלָםִ לְהַכְרִית מִמֶּנָּה אָדָם וּבְהֵמָה׃ וְהִנֵּה
נוֹתְרָה־בָהּ פְּלֵטָה הַמּוּצָאִים בָּנִים וּבָנוֹת הִנָּם יוֹצְאִים
אֲלֵיכֶם וּרְאִיתֶם אֶת־דַּרְכָּם וְאֶת־עֲלִילוֹתָם וְנִחַמְתֶּם עַל־
הָרָעָה אֲשֶׁר הֵבֵאתִי עַל־יְרוּשָׁלַםִ אֵת כָּל־אֲשֶׁר הֵבֵאתִי
23 עָלֶיהָ׃ וְנִחֲמוּ אֶתְכֶם כִּי־תִרְאוּ אֶת־דַּרְכָּם וְאֶת־עֲלִילוֹתָם
וִידַעְתֶּם כִּי לֹא חִנָּם עָשִׂיתִי אֵת כָּל־אֲשֶׁר־עָשִׂיתִי בָהּ נְאֻם
אֲדֹנָי יֱהוִה׃

## טו

2 א וַיְהִי דְבַר־יְהוָה אֵלַי לֵאמֹר׃ בֶּן־אָדָם מַה־יִּהְיֶה עֵץ
3 הַגֶּפֶן מִכָּל־עֵץ הַזְּמוֹרָה אֲשֶׁר הָיָה בַּעֲצֵי הַיָּעַר׃ הֲיֻקַּח

12 אונד דאס װארט פון דעם האר איז צו מיר געװעזען אזוי צו זאגען: 13 בן־אדם, װען א לאנד װעט קעגען מיר זינדיגען, גאנץ אומגעטרייא צו װערען, אזוי װעל איך מיינע האנד דאריבער אויסשטרעקען, אונד איך װעל דאפון צוברעכען דיא אונטערלעהנונג פון ברויט, אונד איך װעל דארויף שיקען א הונגער, אונד איך װעל דאפון פערטילגען מענשען אונד בהמות: 14 אונד כאטשע דיא דאזיגע דרייא מענער נח, דניאל, אונד איוב זאלען דארין זיין, אזוי װעלען זייא נור דורך זייער צדקות זייער אייגען לעבען מציל זיין, זאגט דער האר גאט: 15 װען איך װעל לאזען איבערפאהרען דורך דעם לאנד װילדע חיות, אונד זייא בערויבען עס פון קינדער, אונד עס װערט װיסט אזוי דאס קיינער קען עס איבערפאהרען װעגען דיא (װילדע) חיות: 16 כאטשע דיא דאזיגע דרייא מענער װאלט אין איהר געװעזען, אזוי װאהר װיא איך לעב, זאגט דער האר גאט, אויב זייא װאלטען געקענט מציל זיין זייערע זיהן אדער זייערע טעכטער, נייערט נור זיך אליין העטען זייא געקענט מציל זיין אבער דאס לאנד העט פערװיסט געװארען: 17 אדער װען איך זאל ברענגען א שװערד איבער דעם דאזיגען לאנד, אונד איך זאל זאגען, שװערד פאהר איבער דעם לאנד אונד פערטילג דאפון מענשען אונד בהמות: 18 אונד כאטשע דיא דאזיגע דרייא מענער װאלטען צװישען זייא געװעזען, אזוי װאהר װיא איך לעב, זאגט דער האר גאט, זייא העטען ניט געקענט מציל זיין זיהן אדער טעכטער, נייערט נור זיך אליין העטען זייא מציל געװעזען: 19 אדער װען איך שיק א פעסט איבער דעם דאזיגען לאנד, אונד איך גיס דאריבער אויס מיין גרימצארן דורך בלוט, כדי דערפון צו פערטילגען מענשען אונד בהמות: 20 כאטשע נח, דניאל, אונד איוב העטען דארין געװעזען, אזוי װאהר װיא איך לעב, זאגט דער האר גאט, אויב זייא װאלטען געקענט מציל זיין א זוהן אדער א טאכטער, נייערט נור זיך אליין העטען זייא מציל געװעזען דורך זייער צדקות: 21 װארין אזוי זאגט דער האר גאט, מכל שכן װען איך שיק אויף ירושלים מיינע פיער שלעכטע שפטים, דאס שװערד, אונד הונגער, אונד װילדע חיות, אונד פעסט, כדי דערפון צו פערטילגען מענשען איז דאך אין איהר איבערגעבליבען איינע אנטרינונג װאס זאל ארויסגעברענגט װערען, פון זיהן אונד טעכטער, זעה, זייא װעלען צו אייך ארויסקומען אונד איהר װעט זעהען זייערע װעגען אונד זייערע מעשים, אונד איהר װעט געטרייסט װערען װעגען דעם שלעכטען װאס איך האב געברענגט אויף ירושלים, אונד איבער אלעם װאס איך האב איבער איהר געברענגט: 23 אונד זייא װעלען אייך טרייסטען װען איהר װעט זעהען זייערע װעגען אונד זייערע מעשים, אונד איהר װעט װיסען אז איך האב ניט אומזיסט געטהון אלעם װאס איך האב געטהון אין איהר, זאגט דער האר גאט:

## קאפיטעל טו

1 אונד דאס װארט פון דעם האר איז געװעזען צו מיר, אזוי צו זאגען: 2 בן־אדם, װאס איז דען דאס האלץ פון א װיינשטאק מעהר פון אלע אנדערע ביימער, אדער דיא צװייג װאס איז צװישען דיא ביימער פון דעם װאלד? 3 קען מען דען דערפון נעמען

הָאלְץ צוּ אַ מְלָאכָה? אָדֶער קֶען מֶען דֶערְפוּן נֶעמֶען אַ פְּלָאקֶען אוֹיף אִיהְם אַלֶערְלֵייא כֵּלִים אוֹיפְצוּהֶענְגֶען? 4 זֶעה, עֶס וֶוערְט גֶעגֶעבֶּען צוּם פֵייעֶר צוּ בְּרֶענֶען, זֵיינֶע בֵּיידֶע עֶקֶען הָאט דָאס פֵייעֶר פֶערְבְּרֶענְט, אוּנְד וֶוען זֵיין מִיטֶעלְסְטֶעס אִיז שְׁוַוארְץ גֶעוָוארֶען קֶען עֶס דֶען נָאךְ נִיצֶען צוּ אַ מְלָאכָה? 5 זֶעה, וֶוען עֶס אִיז נָאךְ גֶעוֶועזֶען גַאנְץ הָאט מֶען נִיט דֶערְפוּן גֶעמַאכְט אַ מְלָאכָה, מִכָּל שֶׁכֵּן וֶוען דָאס פֵייעֶר הָאט עֶס גֶעבְּרֶענְט אוּנְד הָאט עֶס שְׁוַוארְץ גֶעמַאכְט זָאל עֶס גֶעבְּרוֹיכְט וֶוערֶען צוּ אַ מְלָאכָה? 6 דָארוּם, אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר גָאט, אַזוֹי וִויא דָאס הָאלְץ פוּן דֶעם וֵויינְשְׁטָאק אִיז צְווִישֶׁען דִיא בֵּיימֶער פוּן דֶעם וַואלְד וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעגֶעבֶּען צוּ דֶעם פֵייעֶר צוּ פֶערְבְּרֶענֶען, אַזוֹי הָאבּ אִיךְ אַהֵינְגֶעגֶעבֶּען דִיא בֶּעוְואוֹינֶער פוּן יְרוּשָׁלַיִם: 7 אוּנְד אִיךְ וֶועל קֶעגֶען זֵייא גֶעבֶּען מֵיין פָּנִים, זֵייא וֶועלֶען אַרוֹיסְגֶעהְן פוּן אֵיין פֵייעֶר אוּנְד אֵיין אַנְדֶערֶעס פֵייעֶר וֶועט זֵייא פֶערְבְּרֶענֶען, אוּנְד אִיהְר וֶועט וִויסֶען אַז אִיךְ בִּין דֶער הַאר, וֶוען אִיךְ וֶועל מֵיין פָּנִים קֶעגֶען זֵייא טְהוּן: 8 אוּנְד אִיךְ וֶועל דָאס לַאנְד וִויסְט מַאכֶען, וֵוייל זֵייא הָאבֶּען גֶעזִינְדִיגְט אַ זִינְד, זָאגְט דֶער הַאר גָאט:

מִמֶּנּוּ עֵץ לַעֲשׂוֹת לִמְלָאכָה אִם־יִקְחוּ מִמֶּנּוּ יָתֵד לִתְלוֹת
עָלָיו כָּל־כֶּלִי׃ הִנֵּה לָאֵשׁ נִתַּן לְאָכְלָה אֵת שְׁנֵי קְצוֹתָיו 4
אָכְלָה הָאֵשׁ וְתוֹכוֹ נָחָר הֲיִצְלַח לִמְלָאכָה׃ הִנֵּה בִּהְיוֹתוֹ ה
תָמִים לֹא יֵעָשֶׂה לִמְלָאכָה אַף כִּי־אֵשׁ אֲכָלַתְהוּ וַיֵּחָר
וְנַעֲשָׂה עוֹד לִמְלָאכָה׃ לָכֵן כֹּה אָמַר אֲדֹנָי יֱהֹוִה 6
כַּאֲשֶׁר עֵץ־הַגֶּפֶן בְּעֵץ הַיַּעַר אֲשֶׁר־נְתַתִּיו לָאֵשׁ לְאָכְלָה
כֵּן נָתַתִּי אֶת־יֹשְׁבֵי יְרוּשָׁלִָם׃ וְנָתַתִּי אֶת־פָּנַי בָּהֶם מֵהָאֵשׁ 7
יָצָאוּ וְהָאֵשׁ תֹּאכְלֵם וִידַעְתֶּם כִּי־אֲנִי יְהֹוָה בְּשׂוּמִי אֶת־
פָּנַי בָּהֶם׃ וְנָתַתִּי אֶת־הָאָרֶץ שְׁמָמָה יַעַן מָעֲלוּ מַעַל נְאֻם 8
אֲדֹנָי יֱהֹוִה׃

טז טז

וַיְהִי דְבַר־יְהֹוָה אֵלַי לֵאמֹר׃ בֶּן־אָדָם הוֹדַע אֶת־יְרוּשָׁלִַם א 2
אֶת־תּוֹעֲבֹתֶיהָ׃ וְאָמַרְתָּ כֹּה־אָמַר אֲדֹנָי יֱהֹוִה לִירוּשָׁלִַם 3
מְכֹרֹתַיִךְ וּמֹלְדֹתַיִךְ מֵאֶרֶץ הַכְּנַעֲנִי אָבִיךְ הָאֱמֹרִי וְאִמֵּךְ
חִתִּית׃ וּמוֹלְדוֹתַיִךְ בְּיוֹם הוּלֶּדֶת אֹתָךְ לֹא־כָרַּת שָׁרֵּךְ 4
וּבְמַיִם לֹא־רֻחַצְתְּ לְמִשְׁעִי וְהָמְלֵחַ לֹא הֻמְלַחַתְּ וְהָחְתֵּל
לֹא חֻתָּלְתְּ׃ לֹא־חָסָה עָלַיִךְ עַיִן לַעֲשׂוֹת לָךְ אַחַת מֵאֵלֶּה ה
לְחֻמְלָה עָלָיִךְ וַתֻּשְׁלְכִי אֶל־פְּנֵי הַשָּׂדֶה בְּגֹעַל נַפְשֵׁךְ בְּיוֹם
הֻלֶּדֶת אֹתָךְ׃ וָאֶעֱבֹר עָלַיִךְ וָאֶרְאֵךְ מִתְבּוֹסֶסֶת בְּדָמָיִךְ 6
וָאֹמַר לָךְ בְּדָמַיִךְ חֲיִי וָאֹמַר לָךְ בְּדָמַיִךְ חֲיִי׃ רְבָבָה כְּצֶמַח 7
הַשָּׂדֶה נְתַתִּיךְ וַתִּרְבִּי וַתִּגְדְּלִי וַתָּבֹאִי בַּעֲדִי עֲדָיִים שָׁדַיִם
נָכֹנוּ וּשְׂעָרֵךְ צִמֵּחַ וְאַתְּ עֵרֹם וְעֶרְיָה׃ וָאֶעֱבֹר עָלַיִךְ וָאֶרְאֵךְ 8
וְהִנֵּה עִתֵּךְ עֵת דֹּדִים וָאֶפְרֹשׂ כְּנָפִי עָלַיִךְ וָאֲכַסֶּה עֶרְוָתֵךְ
וָאֶשָּׁבַע לָךְ וָאָבוֹא בִבְרִית אֹתָךְ נְאֻם אֲדֹנָי יֱהֹוִה וַתִּהְיִי־
לִי׃ וָאֶרְחָצֵךְ בַּמַּיִם וָאֶשְׁטֹף דָּמַיִךְ מֵעָלָיִךְ וָאֲסֻכֵךְ בַּשָּׁמֶן׃ 9
וָאַלְבִּישֵׁךְ רִקְמָה וָאֶנְעֲלֵךְ תָּחַשׁ וָאֶחְבְּשֵׁךְ בַּשֵּׁשׁ וַאֲכַסֵּךְ י
מֶשִׁי׃ וָאֶעְדֵּךְ עֶדִי וָאֶתְּנָה צְמִידִים עַל־יָדַיִךְ וְרָבִיד עַל־ 11

## קאפיטעל טז

1 אוּנְד דָאס וָוארְט פוּן דֶעם הַאר אִיז צוּ מִיר גֶעוֶועזֶען, אַזוֹי צוּ זָאגֶען: 2 בֶּן־אָדָם! מַאךְ יְרוּשָׁלַיִם וִויסֶען אִיהְרֶע אוּמְוֶוערְדִיגֶע מַעֲשִׂים: 3 אוּנְד דוּא זָאלְסְט זָאגֶען, אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר גָאט צוּ יְרוּשָׁלַיִם, דֵיין אוּרְשְׁפְּרוּנְג אוּנְד דֵיינֶע גֶעבּוּרְט אִיז פוּן דֶעם לַאנְד כְּנַעַן, דֵיין פָאטֶער אִיז גֶעוֶועזֶען אֵיין אֱמוֹרִי אוּנְד דֵיינֶע מוּטֶער אַ חִתִּית: 4 אוּנְד דֵיינֶע גֶעבּוּרְט — אִין דֶעם טָאג וֶוען דוּא בִּיזְט גֶעבּוֹירֶען גֶעוָוארֶען, הָאט מֶען נִיט אָפְּגֶעשְׁנִיטֶען דֵיין נָאפֶּעל, אוּנְד דוּא בִּיזְט נִיט גֶעוַואשֶׁען גֶעוָוארֶען אִין דֶעם וַואסֶער וֶוען אִיךְ הָאבּ דִיךְ אָנְגֶעקוּקְט, אוּנְד מֶען הָאט דִיךְ נִיט גֶעזַאלְצֶען מִיט זַאלְץ, אוּנְד מֶען הָאט דִיךְ נִיט אֵיינְגֶעוִויקֶעלְט מִיט וִויקֶעלְן: 5 קֵיין אוֹיג הָאט אִיבֶּער דִיר רַחֲמָנוֹת גֶעהַאט אַז מֶען זָאל דִיר טְהוּן אֵיינְס פוּן דִיא דָאזִיגֶע זַאכֶען, כְּדֵי זִיךְ אִיבֶּער דִיר צוּ דֶערְבַּארְמֶען, נֵייעֶרְט מֶען הָאט דִיךְ גֶעוָוארְפֶען אוֹיף דֶעם פֶעלְד מִיט דֵיין אֵיינְגֶערִיכְטֶען לֵייבּ אִין דֶעם טָאג וֶוען דוּא בִּיזְט גֶעבּוֹירֶען גֶעוָוארֶען: 6 אוּנְד וֶוען אִיךְ בִּין פָאר דִיר פֶערְבֵּייא גֶעגַאנְגֶען, אוּנְד אִיךְ הָאבּ דִיךְ גֶעזֶעהֶען צוּטְרֶעטֶען אִין דֵיין בְּלוּט, אַזוֹי הָאבּ אִיךְ צוּ דִיר גֶעזָאגְט, וֶוען דוּא בִּיזְט גֶעוֶועזֶען אִין דֵיין בְּלוּט, לֶעבּ, יוֹא, אִיךְ הָאבּ צוּ דִיר גֶעזָאגְט וֶוען דוּא בִּיזְט גֶעוֶועזֶען אִין דֵיין בְּלוּט, לֶעבּ! 7 אִיךְ הָאבּ דִיךְ גֶעמַאכְט אַזוֹי פִיל וִויא דִיא שְׁפְּרָאצוּנְג פוּן דֶעם פֶעלְד, אוּנְד דוּא בִּיזְט גֶעמֶעהְרְט גֶעוָוארֶען אוּנְד גְרוֹיס גֶעוָוארֶען, אוּנְד בִּיזְט גֶעקוּמֶען מִיט גַאנְץ שֶׁעהְנֶע צִירוּנְג; דֵיינֶע בְּרִיסְטֶען זֶענֶען שׁוֹין גֶעוֶועזֶען אָנְגֶעבְּרֵייט, אוּנְד דֵיינֶע הָאר שׁוֹין גֶעוַואקְסֶען, אָבֶּער דוּא בִּיזְט נָאךְ גֶעוֶועזֶען נַאקֶעט אוּנְד בְּלוֹיס: 8 אוּנְד וֶוען אִיךְ בִּין פָאר דִיר פֶערְבֵּייא גֶעגַאנְגֶען, אוּנְד אִיךְ הָאבּ דִיךְ גֶעזֶעהֶען, זֶעה, אַזוֹי אִיז דֵיינֶע צֵייט גֶעוֶועזֶען אַ צֵייט פוּן לִיבְּשַׁאפְט, אוּנְד אִיךְ הָאבּ אִיבֶּער דִיר אוֹיסְגֶעשְׁפְּרֵייט מֵיין עֶק קְלֵייד, אוּנְד אִיךְ הָאבּ בֶּעדֶעקְט דֵיינֶע נַאקְטְהֵייט, אוּנְד אִיךְ הָאבּ צוּ דִיר גֶעשְׁווֹאוֹירֶען, אוּנְד אִיךְ בִּין גֶעקוּמֶען מִיט דִיר כּוֹרֵת בְּרִית צוּ זֵיין, זָאגְט דֶער הַאר גָאט, אוּנְד דוּא בִּיזְט מֵיין גֶעוָוארֶען: 9 אוּנְד אִיךְ הָאבּ דִיךְ גֶעוַואשֶׁען מִיט וַואסֶער, אוּנְד אִיךְ הָאבּ אָפְּגֶעשְׁוֶוענְקְט דֵיין בְּלוּט פוּן דִיר, אוּנְד אִיךְ הָאבּ דִיךְ גֶעזַאלְבְּט מִיט עֶהְל: 10 אוּנְד אִיךְ הָאבּ דִיךְ אָנְגֶעקְלֵייד מִיט גֶעשְׁטִיקְטֶע אַרְבֵּייט, אוּנְד הָאבּ דִיר אָנְגֶעטְהוּן שִׁיךְ פוּן תַּחַשׁ־לֶעדֶער, אוּנְד הָאבּ דִיךְ אָנְגֶעגַארְטֶעלְט מִיט לֵיינֶען, אוּנְד אִיךְ הָאבּ דִיךְ בֶּעדֶעקְט מִיט זֵיידֶענְצֵייג: 11 אוּנְד אִיךְ הָאבּ דִיךְ גֶעצִיעֶרְט מִיט שְׁמוּק־זַאכֶען, אוּנְד הָאבּ גֶעגֶעבֶּען אָרֶעמְבֶּענְדֶער אוֹיף דֵיינֶע הֶענְד, אוּנְד אַ קֶעט אוֹיף

דֵיין

12 גְּרוֹנֵךְ׃ וָאֶתֵּן נֶזֶם עַל־אַפֵּךְ וַעֲגִילִים עַל־אָזְנָיִךְ וַעֲטֶרֶת
13 תִּפְאֶרֶת בְּרֹאשֵׁךְ׃ וַתַּעְדִּי זָהָב וָכֶסֶף וּמַלְבּוּשֵׁךְ שֵׁשִׁי וָמֶשִׁי
וְרִקְמָה סֹלֶת וּדְבַשׁ וָשֶׁמֶן אָכָלְתְּ וַתִּיפִי בִּמְאֹד מְאֹד
14 וַתִּצְלְחִי לִמְלוּכָה׃ וַיֵּצֵא לָךְ שֵׁם בַּגּוֹיִם בְּיָפְיֵךְ כִּי כָּלִיל
הוּא בַּהֲדָרִי אֲשֶׁר־שַׂמְתִּי עָלַיִךְ נְאֻם אֲדֹנָי יֱהֹוִה׃
טו וַתִּבְטְחִי בְיָפְיֵךְ וַתִּזְנִי עַל־שְׁמֵךְ וַתִּשְׁפְּכִי אֶת־תַּזְנוּתַיִךְ
16 עַל־כָּל־עוֹבֵר לוֹ־יֶהִי׃ וַתִּקְחִי מִבְּגָדַיִךְ וַתַּעֲשִׂי־לָךְ בָּמוֹת
17 טְלֻאוֹת וַתִּזְנִי עֲלֵיהֶם לֹא בָאוֹת וְלֹא יִהְיֶה׃ וַתִּקְחִי כְּלֵי
תִפְאַרְתֵּךְ מִזְּהָבִי וּמִכַּסְפִּי אֲשֶׁר נָתַתִּי לָךְ וַתַּעֲשִׂי־לָךְ
18 צַלְמֵי זָכָר וַתִּזְנִי־בָם׃ וַתִּקְחִי אֶת־בִּגְדֵי רִקְמָתֵךְ וַתְּכַסִּים
19 וְשַׁמְנִי וּקְטָרְתִּי נָתַתְּ לִפְנֵיהֶם׃ וְלַחְמִי אֲשֶׁר־נָתַתִּי לָךְ
סֹלֶת וָשֶׁמֶן וּדְבַשׁ הֶאֱכַלְתִּיךְ וּנְתַתִּיהוּ לִפְנֵיהֶם לְרֵיחַ
כ נִיחֹחַ וַיֶּהִי נְאֻם אֲדֹנָי יֱהֹוִה׃ וַתִּקְחִי אֶת־בָּנַיִךְ וְאֶת־בְּנוֹתַיִךְ
אֲשֶׁר יָלַדְתְּ לִי וַתִּזְבָּחִים לָהֶם לֶאֱכוֹל הַמְעַט מִתַּזְנוּתָךְ׃
21 22 וַתִּשְׁחֲטִי אֶת־בָּנָי וַתִּתְּנִים בְּהַעֲבִיר אוֹתָם לָהֶם׃ וְאֵת
כָּל־תּוֹעֲבֹתַיִךְ וְתַזְנֻתַיִךְ לֹא זָכַרְתִּי אֶת־יְמֵי נְעוּרָיִךְ בִּהְיוֹתֵךְ
23 עֵירֹם וְעֶרְיָה מִתְבּוֹסֶסֶת בְּדָמֵךְ הָיִית׃ וַיְהִי אַחֲרֵי כָּל־
24 רָעָתֵךְ אוֹי אוֹי לָךְ נְאֻם אֲדֹנָי יֱהֹוִה׃ וַתִּבְנִי־לָךְ גֶּב וַתַּעֲשִׂי־
כה לָךְ רָמָה בְּכָל־רְחוֹב׃ אֶל־כָּל־רֹאשׁ דֶּרֶךְ בָּנִית רָמָתֵךְ
וַתְּתַעֲבִי אֶת־יָפְיֵךְ וַתְּפַשְּׂקִי אֶת־רַגְלַיִךְ לְכָל־עוֹבֵר וַתַּרְבִּי
26 אֶת־תַּזְנוּתָךְ׃ וַתִּזְנִי אֶל־בְּנֵי־מִצְרַיִם שְׁכֵנַיִךְ גִּדְלֵי בָשָׂר
27 וַתַּרְבִּי אֶת־תַּזְנֻתֵךְ לְהַכְעִיסֵנִי׃ וְהִנֵּה נָטִיתִי יָדִי עָלַיִךְ
וָאֶגְרַע חֻקֵּךְ וָאֶתְּנֵךְ בְּנֶפֶשׁ שֹׂנְאוֹתַיִךְ בְּנוֹת פְּלִשְׁתִּים
28 הַנִּכְלָמוֹת מִדַּרְכֵּךְ זִמָּה׃ וַתִּזְנִי אֶל־בְּנֵי אַשּׁוּר מִבִּלְתִּי
29 שָׂבְעָתֵךְ וַתִּזְנִים וְגַם לֹא שָׂבָעַתְּ׃ וַתַּרְבִּי אֶת־תַּזְנוּתֵךְ אֶל־
ל אֶרֶץ כְּנַעַן כַּשְׂדִּימָה וְגַם־בְּזֹאת לֹא שָׂבָעַתְּ׃ מָה אֲמֻלָה
לִבָּתֵךְ נְאֻם אֲדֹנָי יֱהֹוִה בַּעֲשׂוֹתֵךְ אֶת־כָּל־אֵלֶּה מַעֲשֵׂה

דיין האַלז: 12 אונד איך האָב געגעבען א רינג אָן דיינע נאָז, אונד אויער־רינגלעך אָן דיינע אויערען, אונד אַ שענע קרוין אויף דיין קאָפּ: 13 אונד דוא ביזט געוועזען געציערט מיט גאָלד אונד זילבער, אונד דיינע קליידער זענען געוועזען פיינע ליינען אונד זייד אונד שטיקעריא אַרבייט; אונד דוא האָסט געגעסען זעמעל־מעהל אונד האָניג אונד בוים־עהל, אונד דוא ביזט גאַנץ שעהן געוועזען, אונד דוא האָסט בעגליקט צו דער מלוכה: 14 אונד עס איז אַרויסגעגאַנגען וועגען דיר אַ שם צווישען דיא גוים וועגען דיינע שעהנקייט, וואָרין עס איז גאַנץ פולקומען געוועזען דורך מיינע שעהנקייט וואָס איך האָב אויף דיר געטהון, זאָגט דער האַר גאָט: 15 אָבער דוא האָסט פערטרויעט אויף דיינע שעהנקייט, אונד דוא האָסט דיך מזנה געוועזען וועגען דיין שם, אונד דוא האָסט אויסגעגאָסען דיין זנות אויף איטליכען וואָס איז פערביי געגאַנגען, אונד פאַר איהם ביזט דוא געוועזען: 16 אונד דוא האָסט גענומען פון דיינע קליידער אונד דוא האָסט פאַר דיר געמאַכט געשפּרענקעלטע במות, אונד דוא האָסט דיך אויף זייא מזנה געוועזען, זאָלכעס איז קיינמאָל ניט געוועזען: 17 אונד דוא האָסט גענומען דיא שעהנע כלים פון מיין גאָלד אונד מיין זילבער וואָס איך האָב דיר געגעבען, אונד דוא האָסט דיר דערפון געמאַכט בילדער פון אַ זכר, אונד האָסט דיך מיט זייא מזנה געוועזען: 18 אונד דוא האָסט גענומען דיינע געשטיקטע קליידער, אונד האָסט זייא דערמיט בעדעקט, אונד מיין עהל אונד מיין רויכערווערק האָסט דוא פאַר זייא געגעבען: 19 אונד מיינע שפּייז וואָס איך האָב צו דיר געגעבען, זעמעל־מעהל אונד האָניג, מיט וואָס איך האָב דיך געשפּייזט, האָסט דוא פאַר זייא געגעבען פאַר אַ ריח ניחח אונד עס איז אַזוי געוועזען, זאָגט דער האַר גאָט: 20 דוא האָסט אויך גענומען דיינע זיהן אונד דיינע טעכטער, וואָס דוא האָסט צו מיר געבוירען, דיא האָסט דוא צו זייא מקריב געוועזען, כדי זייא אומצוברענגען, איז דאָס נאָך אַ קליינינגקייט פון דיינע הורעריא: 21 אַז דוא זאָלסט שעכטען מיינע קינדער אונד זייא איבערגעבען כדי זייא זאָלען דורכגעפיהרט ווערען דורך דעם פייער? 22 אונד אין אַלע דיינע אומווירדיגע מעשים אונד דיינע הורעריא האָסט דוא ניט געדענקט אָן דיא טעג פון דיינע יונגהייט, ווען דוא ביזט געוועזען נאַקעט אונד בלויס, אונד ביזט געוועזען צוטרעטען אין דיין בלוט: 23 אונד עס איז געוועזען נאָך אַלע דיינע בייזהייט — אוי! אוי וועה צו דיר! זאָגט דער האַר גאָט: 24 אונד דוא האָסט דיר אויך געבויעט אַ הורען־הויז, אונד האָסט דיר געמאַכט אַ הויכען אָרט אין איטליכער גאַס: 25 אונד אויף איטליכען הויפּט־וועג האָסט דוא דיר געבויעט דיינע הייך, אונד האָסט פעראומווערדיגט דיינע שעהנהייט, אונד דוא האָסט אויסגעשפּרייט דיינע פיס צו איטליכען וואָס איז פערביי געגאַנגען, אונד אַזוי האָסט דוא פערמעהרט דיין זנות: 26 אונד דוא האָסט דיך אויך מזנה געוועזען מיט דיא בני מצרים, דיינע שכנים וואָס זענען גרויסע מענשען, אונד דוא האָסט געמעהרט דיין זנות כדי מיך צו דערצאָרנען: 27 אונד זעה, דאַרום האָב איך אויסגעשטרעקט מיינע האַנד איבער דיר, אונד איך האָב געמינערט דיינע בעשטימטע (שפּייז), אונד איך האָב דיך איבערגעגעבען צו דעם ווילען פון דיינע פיינד, דיא טעכטער פון דיא פלשתים, וואָס העטען זיך געשעמט צו געהן דיין שלעכטען וועג: 28 אונד דוא האָסט דיך אויך מזנה געוועזען מיט דיא קינדער פון אשור ווייל דוא ביזט ניט זאַט געוועזען, דוא האָסט דיך מיט זייא מזנה געוועזען אונד דוא ביזט דאָך ניט זאַט געוואָרען: 29 אונד דוא האָסט פערמעהרט דיין זנות מיט דעם לאַנד כנען, ביז קיין כשדים, אונד מיט דעם ביזט דוא אויך ניט זאַט געוואָרען: 30 וויא שוואַך איז דיין האַרץ, זאָגט דער האַר גאָט, אין דעם דוא טהוסט דאָס אַלעס, דיא מעשים

פון

31 אִשָּׁה זוֹנָה שַׁלָּטֶת׃ בִּבְנוֹתַיִךְ גַּבֵּךְ בְּרֹאשׁ כָּל־דֶּרֶךְ וְרָמָתֵךְ
32 עָשִׂיתִי בְּכָל־רְחוֹב וְלֹא־הָיִיתי כַּזּוֹנָה לְקַלֵּס אֶתְנָן׃ הָאִשָּׁה
33 הַמְּנָאָפֶת תַּחַת אִישָׁהּ תִּקַּח אֶת־זָרִים׃ לְכָל־זֹנוֹת יִתְּנוּ־
נֵדֶה וְאַתְּ נָתַתְּ אֶת־נְדָנַיִךְ לְכָל־מְאַהֲבַיִךְ וַתִּשְׁחֳדִי אוֹתָם
34 לָבוֹא אֵלַיִךְ מִסָּבִיב בְּתַזְנוּתָיִךְ׃ וַיְהִי־בָךְ הֵפֶךְ מִן־הַנָּשִׁים
בְּתַזְנוּתַיִךְ וְאַחֲרַיִךְ לֹא זוּנָּה וּבְתִתֵּךְ אֶתְנָן וְאֶתְנַן לֹא נִתַּן־
לה 36 לָךְ וַתְּהִי לְהֶפֶךְ׃ לָכֵן זוֹנָה שִׁמְעִי דְּבַר־יְהוָה׃ כֹּה־
אָמַר אֲדֹנָי יֱהֹוִה יַעַן הִשָּׁפֵךְ נְחֻשְׁתֵּךְ וַתִּגָּלֶה עֶרְוָתֵךְ
בְּתַזְנוּתַיִךְ עַל־מְאַהֲבָיִךְ וְעַל כָּל־גִּלּוּלֵי תוֹעֲבוֹתַיִךְ וְכִדְמֵי
37 בָנַיִךְ אֲשֶׁר נָתַתְּ לָהֶם׃ לָכֵן הִנְנִי מְקַבֵּץ אֶת־כָּל־מְאַהֲבַיִךְ
אֲשֶׁר עָרַבְתְּ עֲלֵיהֶם וְאֵת כָּל־אֲשֶׁר אָהַבְתְּ עַל כָּל־אֲשֶׁר
שָׂנֵאת וְקִבַּצְתִּי אֹתָם עָלַיִךְ מִסָּבִיב וְגִלֵּיתִי עֶרְוָתֵךְ אֲלֵהֶם
38 וְרָאוּ אֶת־כָּל־עֶרְוָתֵךְ׃ וּשְׁפַטְתִּיךְ מִשְׁפְּטֵי נֹאֲפוֹת וְשֹׁפְכֹת
39 דָּם וּנְתַתִּיךְ דַּם חֵמָה וְקִנְאָה׃ וְנָתַתִּי אוֹתָךְ בְּיָדָם וְהָרְסוּ
גַבֵּךְ וְנִתְּצוּ רָמֹתַיִךְ וְהִפְשִׁיטוּ אוֹתָךְ בְּגָדַיִךְ וְלָקְחוּ כְּלֵי
מ תִפְאַרְתֵּךְ וְהִנִּיחוּךְ עֵירֹם וְעֶרְיָה׃ וְהֶעֱלוּ עָלַיִךְ קָהָל וְרָגְמוּ
41 אוֹתָךְ בָּאָבֶן וּבִתְּקוּךְ בְּחַרְבוֹתָם׃ וְשָׂרְפוּ בָתַּיִךְ בָּאֵשׁ
וְעָשׂוּ־בָךְ שְׁפָטִים לְעֵינֵי נָשִׁים רַבּוֹת וְהִשְׁבַּתִּיךְ מִזּוֹנָה
42 וְגַם־אֶתְנַן לֹא תִתְּנִי־עוֹד׃ וַהֲנִחֹתִי חֲמָתִי בָּךְ וְסָרָה קִנְאָתִי
43 מִמֵּךְ וְשָׁקַטְתִּי וְלֹא אֶכְעַס עוֹד׃ יַעַן אֲשֶׁר לֹא־זָכַרְתִּי
אֶת־יְמֵי נְעוּרַיִךְ וַתִּרְגְּזִי־לִי בְּכָל־אֵלֶּה וְגַם־אֲנִי הֵא דַּרְכֵּךְ׀
בְּרֹאשׁ נָתַתִּי נְאֻם אֲדֹנָי יֱהֹוִה וְלֹא עָשִׂיתִי אֶת־הַזִּמָּה עַל
44 כָּל־תּוֹעֲבֹתָיִךְ׃ הִנֵּה כָּל־הַמֹּשֵׁל עָלַיִךְ יִמְשֹׁל לֵאמֹר כְּאִמָּה
מה בִּתָּהּ׃ בַּת־אִמֵּךְ אַתְּ גֹּעֶלֶת אִישָׁהּ וּבָנֶיהָ וַאֲחוֹת אֲחוֹתֵךְ
אַתְּ אֲשֶׁר גָּעֲלוּ אַנְשֵׁיהֶן וּבְנֵיהֶן אִמְּכֶן חִתִּית וַאֲבִיכֶן אֱמֹרִי׃
46 וַאֲחוֹתֵךְ הַגְּדוֹלָה שֹׁמְרוֹן הִיא וּבְנוֹתֶיהָ הַיּוֹשֶׁבֶת עַל־
שְׂמֹאולֵךְ וַאֲחוֹתֵךְ הַקְּטַנָּה מִמֵּךְ הַיּוֹשֶׁבֶת מִימִינֵךְ סְדֹם

פון אַ זונה וואָס געוועלטיגט: 31 אינדעם דו בויעסט דיר אַ הורענ־הויז אין דער שפּיץ פון איטליכען וועג, אונד האָסט דיר געמאַכט דיינע הייך אויף איטליכע גאַס, אונד דו ביזט ניט געוועזען ווי אַ (געוועהנליכע) זונה וואָס בערימט זיך מיט דעם געשענק: 32 נייערט ווי אַ ווייב וואָס איז מנאף ווען זי נעמט זיך פרעמדע אנשטאַט איהר (אייגענעם) מאַן: 33 זיי געבען מתּנות צו אַלע הורען, אָבער דו האָסט געגעבען דיינע מתּנות צו אַלע דיינע ליבהאָבערס, אונד דו האָסט זיי משחד געוועזען אַז זיי זאָלען צו דיר קומען רינגס אַרום זיך מיט דיר מזנה צו זיין: 34 אונד ביי דיר איז עס געוועזען אַ פערקעהרטער מנהג ווי פון אַנדערע ווייבער אין דיין זנות, אונד נאָך דיר האָט זיך קיינע ניט אַזוי מזנה געוועזען, וואָרין דו האָסט געגעבען מתּנות, אונד קיינע מתּנות זענען צו דיר ניט געגעבען געוואָרען, אונד אַזוי ביזט דו פערקעהרט: 35 דאָרום, דו זונה, הער דאָך דאָס וואָרט פון דעם האַר: 36 אַזוי זאָגט דער האַר גאָט, וויל דיינע מיאוסקייט איז אויסגעגאָסען, אונד דיינע נאַקטהייט איז אַנטפּלעקט געוואָרען וועגען דיינע הורערייא מיט דיינע ליבהאָבערס, אונד דיינע אומווערדיגע מעשׂים מיט אַלע אָפּגעטער, אונד דורך דעם בלוט פון דיינע קינדער וואָס דו האָסט צו זיי געגעבען: 37 דאָרום זעה, איך וועל פערזאַמעלן אַלע דיינע ליבהאָבערס מיט וועלכע דו האָסט דיך געמישט, אונד אַלע וואָס דו האָסט געליבט, אונד אויך אַלע וואָס דו האָסט געהאַסט, אונד איך וועל זיי קעגען דיר פערזאַמעלן רינגס אַרום, אונד איך וועל צו זייא אַנטפּלעקען דיינע נאַקטהייט, כּדי זייא זאָלען זעהען דיינע גאַנצע נאַקטהייט: 38 איך וועל דיך משפּט'ן מיט דעם משפּט פון דיא נאָפות אונד פון זאָלכע וואָס פערגיסען בלוט, אונד איך וועל דיר געבען בלוט פון צאָרן אונד קנאה: 39 אונד איך וועל דיך איבערגעבען אין זייערע הענד אַריין, אונד זייא וועלען אָפּברעכען דיינע הורערייא, אונד זייא וועלען צו־ברעכען דיינע הויכע ערטער, אונד זייא וועלען דיר אָפּציהען דיינע קליידער, אונד וועלען דיר אַוועקנעמען דיינע שעהנע כּלים, אונד זייא וועלען דיך לאָזען נאַקעט אונד בלויס: 40 אונד זייא וועלען אויף דיר אַרויפברענגען אַ פערזאַמלונג, אונד זייא וועלען דיך פערשטיינען מיט שטיינער, אונד דורכשטעכען מיט שווערדען: 41 אונד דיינע הייזער וועלען זייא פערברענען מיט פייער, אונד זייא וועלען אָן דיר טהון משפּטים פאַר דיא אויגען פון פילע ווייבער, אונד אויף אַזוי איין אופן וועל איך דיך מאַכען אויפהערען צו זיין אַ זונה, אונד דו וועסט אויך ניט מעהר געבען קיינע מתּנות: 42 אונד אַזוי וועל איך לאָזען רוהען מיין גרימצאָרן קעגען דיר, אונד איך וועל אַוועקקעהרען פון דיר מיינע קנאה, אונד איך וועל שטיל זיין, אונד וועל מיך ניט מעהר ערגערן: 43 וויל דו האָסט ניט געדאַכט אָן דיא טעג פון דיינע יוגענד, אונד דו האָסט מיך דערצאָרנט מיט אַלע דיזע זאַכען, אַזוי וועל איך דיר אויך בעצאָלען פאַר דיין וועג אויף דיין אייגענעם קאָפּ, זאָגט דער האַר גאָט, אונד דו זאָלסט ניט טהון דאָס שלעכטע איבער אַלע דיינע אומווערדיגע מעשׂים: 44 זעה, איטליכער וואָס זאָגט משלים וועט דאָס משל איבער דיר זאָגען, "אַזוי וויא דיא מוטער איז, אַזוי איז דיא טאָכטער": 45 דו ביזט דיינע מוטער'ס טאָכטער וואָס פערעקעלט איהר מאַן אונד איהרע קינדער, אונד דו ביזט אויך דיינע שוועסטער'ס שוועסטער וואָס פערעקעלן זייערע מענער אונד זייערע קינדער, אייערע מוטער איז דיא חתּית, אונד אייער פאָטער דער אמורי: 46 אונד דיינע עלטערע שוועסטער איז שמרון, זיא אונד איהרע טעכטער וואָס וואוינען אַן דיינער לינקען זייט, אונד דיינע יונגערע שוועסטער וואָס וואוינט אַן דיינער רעכטען זייט, איז סדום

אונד

47 וּבְנוֹתֶיהָ׃ וְלֹא בְדַרְכֵיהֶן הָלַכְתְּ וּבְתוֹעֲבוֹתֵיהֶן עָשִׂיתי
48 כִּמְעַט קָט וַתַּשְׁחִתִי מֵהֵן בְּכָל־דְּרָכָיִךְ׃ חַי־אָנִי נְאֻם
אֲדֹנָי יֱהוִה אִם־עָשְׂתָה סְדֹם אֲחוֹתֵךְ הִיא וּבְנוֹתֶיהָ כַּאֲשֶׁר
49 עָשִׂית אַתְּ וּבְנוֹתָיִךְ׃ הִנֵּה־זֶה הָיָה עֲוֺן סְדֹם אֲחוֹתֵךְ גָּאוֹן
שִׂבְעַת־לֶחֶם וְשַׁלְוַת הַשְׁקֵט הָיָה לָהּ וְלִבְנוֹתֶיהָ וְיַד־עָנִי
ג וְאֶבְיוֹן לֹא הֶחֱזִיקָה׃ וַתִּגְבְּהֶינָה וַתַּעֲשֶׂינָה תוֹעֵבָה לְפָנָי
51 וָאָסִיר אֶתְהֶן כַּאֲשֶׁר רָאִיתִי׃ וְשֹׁמְרוֹן כַּחֲצִי חַטֹּאתַיִךְ לֹא
חָטָאָה וַתַּרְבִּי אֶת־תּוֹעֲבוֹתַיִךְ מֵהֵנָּה וַתְּצַדְּקִי אֶת־אֲחוֹתֵךְ
52 בְּכָל־תּוֹעֲבֹתַיִךְ אֲשֶׁר עָשִׂיתי׃ גַּם־אַתְּ ׀ שְׂאִי כְלִמָּתֵךְ אֲשֶׁר
פִּלַּלְתְּ לַאֲחוֹתֵךְ בְּחַטֹּאתַיִךְ אֲשֶׁר־הִתְעַבְתְּ מֵהֵן תִּצְדַּקְנָה
מִמֵּךְ וְגַם־אַתְּ בּוֹשִׁי וּשְׂאִי כְלִמָּתֵךְ בְּצַדֶּקְתֵּךְ אַחְיוֹתֵךְ׃
53 וְשַׁבְתִּי אֶת־שְׁבִיתְהֶן אֶת־שְׁבִית סְדֹם וּבְנוֹתֶיהָ וְאֶת־שְׁבִית
54 שֹׁמְרוֹן וּבְנוֹתֶיהָ וּשְׁבִית שְׁבִיתַיִךְ בְּתוֹכָהֶנָה׃ לְמַעַן תִּשְׂאִי
נה כְלִמָּתֵךְ וְנִכְלַמְתְּ מִכֹּל אֲשֶׁר עָשִׂית בְּנַחֲמֵךְ אֹתָן׃ וַאֲחוֹתַיִךְ
סְדֹם וּבְנוֹתֶיהָ תָּשֹׁבְןָ לְקַדְמָתָן וְשֹׁמְרוֹן וּבְנוֹתֶיהָ תָּשֹׁבְןָ
56 לְקַדְמָתָן וְאַתְּ וּבְנוֹתַיִךְ תְּשֻׁבֶינָה לְקַדְמַתְכֶן׃ וְלוֹא הָיְתָה
57 סְדֹם אֲחוֹתֵךְ לִשְׁמוּעָה בְּפִיךְ בְּיוֹם גְּאוֹנָיִךְ׃ בְּטֶרֶם תִּגָּלֶה
רָעָתֵךְ כְּמוֹ עֵת חֶרְפַּת בְּנוֹת־אֲרָם וְכָל־סְבִיבוֹתֶיהָ בְּנוֹת
58 פְּלִשְׁתִּים הַשָּׁאטוֹת אוֹתָךְ מִסָּבִיב׃ אֶת־זִמָּתֵךְ וְאֶת־
59 תּוֹעֲבוֹתַיִךְ אַתְּ נְשָׂאתִים נְאֻם יְהוָה׃ כִּי כֹה אָמַר
אֲדֹנָי יֱהוִה וְעָשִׂיתִי אוֹתָךְ כַּאֲשֶׁר עָשִׂית אֲשֶׁר־בָּזִית אָלָה
ס לְהָפֵר בְּרִית׃ וְזָכַרְתִּי אֲנִי אֶת־בְּרִיתִי אוֹתָךְ בִּימֵי נְעוּרָיִךְ
61 וַהֲקִימוֹתִי לָךְ בְּרִית עוֹלָם׃ וְזָכַרְתְּ אֶת־דְּרָכַיִךְ וְנִכְלַמְתְּ
בְּקַחְתֵּךְ אֶת־אֲחוֹתַיִךְ הַגְּדֹלוֹת מִמֵּךְ אֶל־הַקְּטַנּוֹת מִמֵּךְ
62 וְנָתַתִּי אֶתְהֶן לָךְ לְבָנוֹת וְלֹא מִבְּרִיתֵךְ׃ וַהֲקִימוֹתִי אֲנִי
63 אֶת־בְּרִיתִי אִתָּךְ וְיָדַעַתְּ כִּי־אֲנִי יְהוָה׃ לְמַעַן תִּזְכְּרִי וָבֹשְׁתְּ

אונד איהרע טעכטער: 47 דוא בּיזט ניט נור געגאַנגען אין זייערע וועגען אונד געטהון נאָך זייערע אומווערדיגע מַעֲשִׂים, נייערט דוא האָסט דיך אין אַלע דיינע וועגען מעהר וויא זייא פערדאָרבּען: 48 אַזוֹי וואָהר וויא איך לעבּ, זאָגט דער האַר גאָט, אוֹיבּ דיינע שוועסטער סְדוֹם אונד איהרע טעכטער העטען געטהון אַזוֹי וויא דוא אונד דיינע טעכטער האָסט געטהון: 49 זעה, דאָס איז געוועזען דיא זינד פון דיינע שוועסטער סְדוֹם, שטאָלצהייט, זאַטקייט פון ברוֹיט, זיא האָט געהאַט רוּה אונד זיכערהייט אונד אוֹיך איהרע טעכ־טער, אונד זיא האָט ניט געשטאַרקט דיא האַנד פון דעם אָרעמען אונד בּעדירפטיגען: 50 אונד זייא זענען געוועזען הויכמוּטיג, אונד זייא האָבּען געטהון אומווערדיגע מַעֲשִׂים פאַר מיר, דאָרוּם האָבּ איך זייא אָפּגעטהון ווען איך האָבּ עס געזעהען: 51 אונד שֹׁמְרוֹן האָט ניט אַמאָל געזינדיגט דיא העלפט אַזוֹי וויא דוא האָסט געזינדיגט, אונד דוא האָסט פערמעהרט דיינע אומ־ווערדיגע מַעֲשִׂים וויא זיא, אונד דוא האָסט דיינע שוועסטע־ גערעכטפערטיגט דורך אַלע דיינע אומווערדיגע מַעֲשִׂים וואָס דוא האָסט געטהון: 52 אַזוֹי טראָג אוֹיך דוא דיינע אייגענע שאַנד וועגען דיינע זינד וואָס דוא האָסט געמִשְׁפָּט דיינע שוועסטער, אונד ווייל דוא בּיזט מעהר אומווערדיג געוועזען וויא זיא אַזוֹי איז זיא מעהר גערעכט פון דיר, אונד דוא מוּסט דיך שעהמען אונד טראָגען דיינע שאַנד ווייל דיינע שוועסטער זענען גערעכטער וויא דוא: 53 אונד ווען איך וועל צוּריקבּרענגען זייערע געפאַנגענשאַפט, דיא געפאַנגענשאַפט פון סְדוֹם אונד איהרע טעכטער, אונד דיא געפאַנגענשאַפט פון שֹׁמְרוֹן אונד איהרע טעכטער, אַזוֹי וועל איך אוֹיך צוּריקבּרענגען דיינע געפאַנגענשאַפט צווישען זייא: 54 כְּדֵי דוא זאָלסט טראָגען דיינע שאַנד. אונד זאָלסט פערשעמט ווערען וועגען אַלעם וואָס דוא האָסט געטהון ווייל דוא האָסט זייא געטרייסט: 55 ווען דיינע שוועסטער, סְדוֹם אונד איהרע טעכטער וועלען צוּריקקעהרען צוּ זייערע פריהערדיגע שטעל, אונד שֹׁמְרוֹן אונד איהרע טעכטער וועלען צוּריקקעהרען צוּ זייערע פריהערדיגע שטעל, אַזוֹי וועסט דוא אונד דיינע טעכטער אוֹיך צוּריקקעהרען צוּ אייערע פריהערדיגע שטעל: 56 וואָרין דיינע שוועסטער סְדוֹם איז ניט דערמאָנט געוואָרען אוֹיס דיין מוֹיל אין דעם טאָג פון דיינע שטאָלצהייט: 57 איידער דיינע שלעכטיגקייט איז אַנטפּלעקט געוואָרען, אַזוֹי וויא אין דיא צייט פון דיא חֶרְפָּה פון דיא טעכטער פון אֲרָם, אונד פון אַלע וואָס זענען רינגס אַרוּם, דיא טעכטער פון דיא פְּלִשְׁתִּים, וואָס פעראַכטען דיך פון רינגס אַרוּם: 58 דוא האָסט אַליין געטראָגען (דעם שְׂכַר פאַר) דיינע שלעכטע געדאַנקען אונד דיינע אומווערדיגע מַעֲשִׂים, זאָגט דער האַר: 59 וואָרין אַזוֹי זאָגט דער האַר גאָט, איך וועל צוּ דיר טהוּן אַזוֹי וויא דוא האָסט געטהון ווייל דוא האָסט פעראַכטעט דיא שְׁבוּעָה אונד האָסט פערשטערט דעם בְּרִית: 60 דאָך וועל איך געדענקען מיין בְּרִית וואָס איך האָבּ מיט דיר געמאַכט אין דעם טאָג פון דיינע יוּגענד, אונד איך וועל צוּ דיר מְקַיֵּם זיין איין עבּיגען בְּרִית: 61 אונד דוא וועסט געדענקען דיינע וועגען אונד דוא וועסט דיך שעהמען, ווען דוא וועסט אָננעמען דיינע עלטערע אונד יוּנגערע שוועסטער, אונד איך וועל זייא צוּ דיר געבּען פאַר טעכטער, אָבּער ניט דוּרך דיין בְּרִית: 62 אונד איך וועל מְקַיֵּם זיין מיין בְּרִית מיט דיר, אונד דוא זאָלסט וויסען אַז איך בּין דער האַר: 63 כְּדֵי דוא זאָלסט געדענקען, אונד זאָלסט דיך שעהמען, אונד אַז דוא זאָלסט ניט

וְלֹא יִהְיֶה־לָּךְ עוֹד פִּתְחוֹן פֶּה מִפְּנֵי כְּלִמָּתֵךְ בְּכַפְּרִי־לָךְ
לְכָל־אֲשֶׁר עָשִׂית נְאֻם אֲדֹנָי יֱהוִה׃

יז יז

וַיְהִי דְבַר־יְהוָה אֵלַי לֵאמֹר׃ בֶּן־אָדָם חוּד חִידָה וּמְשֹׁל א 2
מָשָׁל אֶל־בֵּית יִשְׂרָאֵל׃ וְאָמַרְתָּ כֹּה־אָמַר ׀ אֲדֹנָי יֱהוִה 3
הַנֶּשֶׁר הַגָּדוֹל גְּדוֹל הַכְּנָפַיִם אֶרֶךְ הָאֵבֶר מָלֵא הַנּוֹצָה
אֲשֶׁר־לוֹ הָרִקְמָה בָּא אֶל־הַלְּבָנוֹן וַיִּקַּח אֶת־צַמֶּרֶת הָאָרֶז׃
אֵת רֹאשׁ יְנִיקוֹתָיו קָטָף וַיְבִיאֵהוּ אֶל־אֶרֶץ כְּנַעַן בְּעִיר 4
רֹכְלִים שָׂמוֹ׃ וַיִּקַּח מִזֶּרַע הָאָרֶץ וַיִּתְּנֵהוּ בִּשְׂדֵה־זָרַע ה
קָח עַל־מַיִם רַבִּים צַפְצָפָה שָׂמוֹ׃ וַיִּצְמַח וַיְהִי לְגֶפֶן 6
סֹרַחַת שִׁפְלַת קוֹמָה לִפְנוֹת דָּלִיּוֹתָיו אֵלָיו וְשָׁרָשָׁיו תַּחְתָּיו
יִהְיוּ וַתְּהִי לְגֶפֶן וַתַּעַשׂ בַּדִּים וַתְּשַׁלַּח פֹּארוֹת׃ וַיְהִי נֶשֶׁר־ 7
אֶחָד גָּדוֹל גְּדוֹל כְּנָפַיִם וְרַב־נוֹצָה וְהִנֵּה הַגֶּפֶן הַזֹּאת
כָּפְנָה שָׁרָשֶׁיהָ עָלָיו וְדָלִיּוֹתָיו שִׁלְּחָה־לּוֹ לְהַשְׁקוֹת אוֹתָהּ
מֵעֲרֻגוֹת מַטָּעָהּ׃ אֶל־שָׂדֶה טּוֹב אֶל־מַיִם רַבִּים הִיא 8
שְׁתוּלָה לַעֲשׂוֹת עָנָף וְלָשֵׂאת פֶּרִי לִהְיוֹת לְגֶפֶן אַדָּרֶת׃
אֱמֹר כֹּה אָמַר אֲדֹנָי יֱהוִה תִּצְלָח הֲלוֹא אֶת־שָׁרָשֶׁיהָ 9
יְנַתֵּק וְאֶת־פִּרְיָהּ ׀ יְקוֹסֵס וְיָבֵשׁ כָּל־טַרְפֵּי צִמְחָהּ תִּיבָשׁ
וְלֹא־בִזְרֹעַ גְּדוֹלָה וּבְעַם־רָב לְמַשְׂאוֹת אוֹתָהּ מִשָּׁרָשֶׁיהָ׃
וְהִנֵּה שְׁתוּלָה הֲתִצְלָח הֲלֹא כְגַעַת בָּהּ רוּחַ הַקָּדִים תִּיבַשׁ י
יָבֹשׁ עַל־עֲרֻגֹת צִמְחָהּ תִּיבָשׁ׃ וַיְהִי דְבַר־יְהוָה 11
אֵלַי לֵאמֹר׃ אֱמָר־נָא לְבֵית הַמֶּרִי הֲלֹא יְדַעְתֶּם מָה־ 12
אֵלֶּה אֱמֹר הִנֵּה־בָא מֶלֶךְ־בָּבֶל יְרוּשָׁלַםִ וַיִּקַּח אֶת־מַלְכָּהּ
וְאֶת־שָׂרֶיהָ וַיָּבֵא אוֹתָם אֵלָיו בָּבֶלָה׃ וַיִּקַּח מִזֶּרַע הַמְּלוּכָה 13
וַיִּכְרֹת אִתּוֹ בְּרִית וַיָּבֵא אֹתוֹ בְּאָלָה וְאֶת־אֵילֵי הָאָרֶץ לָקָח׃
לִהְיוֹת מַמְלָכָה שְׁפָלָה לְבִלְתִּי הִתְנַשֵּׂא לִשְׁמֹר אֶת־ 14
בְּרִיתוֹ לְעָמְדָהּ׃ וַיִּמְרָד־בּוֹ לִשְׁלֹחַ מַלְאָכָיו מִצְרַיִם טו

קענען אויפמאכען דיין מויל פון וועגען
דיינע שאנד, ווען איך וועל דיר פערגעבען
פאר אלעם וואס דוא האסט געטהון,
זאגט דער הער גאט:

## קאפיטעל יז

1 אונד דאס ווארט פון דעם הער איז צו
מיר געוועזען, אזוי צו זאגען: 2 בן־אדם,
ראט א רעטזעל אונד זאג א משל צו דעם
הויזגעזינד פון ישראל: 3 אונד דוא
זאלסט זאגען, אזוי זאגט דער הער גאט,
דער גרויסער אדלער וואס האט גרויסע
פליגעל, אונד לאנגע אברים, פול מיט
פעדערן וואס זענען שעהן אונד געפארבט,
איז געקומען צו דעם לבנון, אונד האט
גענומען דעם העכסטען צווייג פון דעם
טאנענבוים: 4 ער האט אפגעפליקט דיא
אויבערשטע יונגע צווייגלעך, אונד ער האט
זיא געבראכט אין דעם האנדעלס־לאנד,
אונד ער האט זייא אהינגעטהון אין דיא
שטאט פון דיא סוחרים: 5 ער האט אויך
גענומען פון דעם זאמען פון דעם לאנד,
אונד ער האט זייא געפלאנצט אין זאמען־
פעלד, ער האט עס אהינגעלעגט בייא פילע
וואסער, אונד ער האט עס איינגעזעצט וויא
א בערבער־בוים: 6 אונד עס האט אויסגעשפראצט אונד עס איז געווארען איין אויס־
געשפרייטער ווייז־שטאק פון א נידריגע הייך, אונד זיינע צווייגען האבען זיך צו איהם
געבויגען, אונד זיינעווארצעלן זענען הינטער איהם געוועזען, אונד עס איז געווארען
א וויינ־שטאק, אונד ער האט געמאכט שטאנגען אונד האט אויסגעשטרעקט צווייגען:
7 אונד עס איז געוועזען נאך איין אנדערער גרויסער אדלער מיט גרויסע פליגעל אונד
פילע פעדערן, אונד זעה, דער דאזיגער וויינ־שטאק האט צוגעבויגען זיינע ווארצעלן
צו איהם, אונד האט צו איהם אויסגעשטרעקט זיינע צווייגען כדי איהם אנצוטרענקען
פון דיא גריבער וואס דיא פלאנצער האבען געמאכט: 8 ער וואר דאך געפלאנצט
אויף א גוטען פעלד אונד בייא פילע וואסער, אז ער זאל מאכען צווייגען אונד טראגען
פירות, אז ער זאל זיין א שטארקער (גוטער) וויינשטאק: 9 זאג, אזוי זאגט דער הער
גאט, וועט ער מצליח זיין? וועט ער דען ניט אויסרייסען איהרע ווארצעלן, אונד דיא
פירות דערפון אפרייסען כדי זייא זאלען פערדארט ווערען? אונד אז אלע בלעטער
פון איהרע שפראצונג זאלען (אויך) פערדארט ווערען, אבער דאך ניט דורך א גרוי־
סען ארעם אונד מיט פיל פאלק אום עס אויסצורייסען מיט איהרע ווארצעלן: 10 אונד
זעה, כאטשע ער איז געפלאנצט וועט ער מצליח זיין? וועט ער ניט אים גאנצען
פערדארט ווערען ווען א מזרח־ווינד וועט איהם אנריהרען? יוא, ער וועט אפילו פערדארט
ווערען ווען ער שפראצט בייא דיא וואסער־גריבער: 11 אונד דאס ווארט פון דעם
הער איז צו מיר געוועזען, אזוי צו זאגען: 12 זאג דאך צו דעם ווידערשפעניגען
הויזגעזינד, ווייסט איהר דען ניט וואס דאס דאזיגע איז? זאג, זעה דער מלך פון בבל
איז געקומען קיין ירושלים, אונד ער האט אוועקגענומען איהר מלך אונד איהרע
פירשטען, אונד ער האט זייא צו זיך געבראכט קיין בבל: 13 אונד ער האט גענומען
פון דעם קעניגליכען זאמען אונד ער האט מיט איהם כורת ברית געוועזען, אונד ער
האט איהם אריינגעבראכט אין א שבועה, אונד ער האט אוועקגענומען דיא
שטארקסטע פון דעם לאנד: 14 כדי דאס קעניגרייך זאל זיין נידעריג, אונד עס זאל
זיך ניט דערהעבען, נייערט עס זאל בעשטעהן אום צו היטען זיין ברית: 15 אבער ער
האט קעגען איהם מורד געוועזען, וואריז ער האט געשיקט שלוחים קיין מצרים אז מען

זאל

לָתֶת־לוֹ סוּסִים וְעַם־רָב הֲיִצְלָח הֲיִמָּלֵט הָעֹשֵׂה אֵלֶּה
16 וְהֵפֵר בְּרִית וְנִמְלָט׃ חַי־אָנִי נְאֻם אֲדֹנָי יֱהוִה אִם־לֹא
בִּמְקוֹם הַמֶּלֶךְ הַמַּמְלִיךְ אֹתוֹ אֲשֶׁר בָּזָה אֶת־אָלָתוֹ וַאֲשֶׁר
17 הֵפֵר אֶת־בְּרִיתוֹ אִתּוֹ בְתוֹךְ־בָּבֶל יָמוּת׃ וְלֹא בְחַיִל גָּדוֹל
וּבְקָהָל רָב יַעֲשֶׂה אוֹתוֹ פַרְעֹה בַּמִּלְחָמָה בִּשְׁפֹּךְ סֹלְלָה
18 וּבִבְנוֹת דָּיֵק לְהַכְרִית נְפָשׁוֹת רַבּוֹת׃ וּבָזָה אָלָה לְהָפֵר
בְּרִית וְהִנֵּה נָתַן יָדוֹ וְכָל־אֵלֶּה עָשָׂה לֹא יִמָּלֵט׃
19 לָכֵן כֹּה־אָמַר אֲדֹנָי יֱהוִה חַי־אָנִי אִם־לֹא אָלָתִי אֲשֶׁר בָּזָה
כ וּבְרִיתִי אֲשֶׁר הֵפִיר וּנְתַתִּיו בְּרֹאשׁוֹ׃ וּפָרַשְׂתִּי עָלָיו רִשְׁתִּי
וְנִתְפַּשׂ בִּמְצוּדָתִי וַהֲבִיאוֹתִיהוּ בָבֶלָה וְנִשְׁפַּטְתִּי אִתּוֹ שָׁם
21 מַעֲלוֹ אֲשֶׁר מָעַל־בִּי׃ וְאֵת כָּל־מִבְרָחָו בְּכָל־אֲגַפָּיו
בַּחֶרֶב יִפֹּלוּ וְהַנִּשְׁאָרִים לְכָל־רוּחַ יִפָּרֵשׂוּ וִידַעְתֶּם כִּי אֲנִי
22 יְהוָה דִּבַּרְתִּי׃ כֹּה אָמַר אֲדֹנָי יֱהוִה וְלָקַחְתִּי אָנִי
מִצַּמֶּרֶת הָאֶרֶז הָרָמָה וְנָתָתִּי מֵרֹאשׁ יֹנְקוֹתָיו רַךְ אֶקְטֹף
23 וְשָׁתַלְתִּי אָנִי עַל הַר־גָּבֹהַּ וְתָלוּל׃ בְּהַר מְרוֹם יִשְׂרָאֵל
אֶשְׁתֳּלֶנּוּ וְנָשָׂא עָנָף וְעָשָׂה פֶרִי וְהָיָה לְאֶרֶז אַדִּיר וְשָׁכְנוּ
24 תַחְתָּיו כֹּל צִפּוֹר כָּל־כָּנָף בְּצֵל דָּלִיּוֹתָיו תִּשְׁכֹּנָּה׃ וְיָדְעוּ
כָּל־עֲצֵי הַשָּׂדֶה כִּי אֲנִי יְהוָה הִשְׁפַּלְתִּי ׀ עֵץ גָּבֹהַּ הִגְבַּהְתִּי
עֵץ שָׁפָל הוֹבַשְׁתִּי עֵץ לָח וְהִפְרַחְתִּי עֵץ יָבֵשׁ אֲנִי יְהוָה
דִּבַּרְתִּי וְעָשִׂיתִי׃

יח יח

2 א וַיְהִי דְבַר־יְהוָה אֵלַי לֵאמֹר׃ מַה־לָּכֶם אַתֶּם מֹשְׁלִים אֶת־
הַמָּשָׁל הַזֶּה עַל־אַדְמַת יִשְׂרָאֵל לֵאמֹר אָבוֹת יֹאכְלוּ בֹסֶר
3 וְשִׁנֵּי הַבָּנִים תִּקְהֶינָה׃ חַי־אָנִי נְאֻם אֲדֹנָי יֱהוִה אִם־יִהְיֶה
4 לָכֶם עוֹד מְשֹׁל הַמָּשָׁל הַזֶּה בְּיִשְׂרָאֵל׃ הֵן כָּל־הַנְּפָשׁוֹת
לִי הֵנָּה כְּנֶפֶשׁ הָאָב וּכְנֶפֶשׁ הַבֵּן לִי־הֵנָּה הַנֶּפֶשׁ הַחֹטֵאת
ה הִיא תָמוּת׃ וְאִישׁ כִּי־יִהְיֶה צַדִּיק וְעָשָׂה מִשְׁפָּט וּצְדָקָה׃

זאל איהם געבען פערד אונד פיל לייט, זאל ער מצליח זיין? זאל ער אנטרינען וואס טהוט זאלכע זאכען? אדער דער וואס פערשטערט דעם ברית זאל דער אנטרינען?
16 אזוי וואהר וויא איך לעב, זאגט דער האר גאט, אויב ניט אין דעם ארט אוואו דער מלך וואוינט וואס האט איהם געמאכט פאר א מלך, וועמעס שבועה ער האט פעראכטעט, אונד וואס האט פערשטערט זיין ברית, אפילו מיט איהם אין דער מיטען פון בבל זאל ער שטארבען:
17 אונד ניט מיט א גרויס חיל אונד מיט א גרויסע פערזאמלונג וועט איהם פרעה העלפען אין דער מלחמה, ווען מען וועט אויפשיטען א שאנץ, אונד אויפבויען א פעסטונג צו פערשניידען פיל נפשות:
18 ער האט מבזה געוועזען דיא שבועה אונד פערשטערט דעם ברית, אונד זעה, חאטשע ער האט איהם דיא האנד געגעבען, דאך האט ער דאס אלעם געטהון, ער זאל ניט אנטרינען:
19 דארום אזוי זאגט דער האר גאט, אזוי וואהר וויא איך לעב, אויב איך וועל ניט דיא שבועה וואס ער האט מבזה געוועזען אונד דעם ברית וואס ער האט פערשטער־ט אויף זיין אייגענעם קאפ צוריקגעבען (בעצאהלען):
20 אונד איך וועל איבער איהם אויסשפרייטען מיין נעץ אונד ער וועט געחאפט ווערען אין מיין נעץ, אונד איך וועל איהם ברענגען קיין בבל, אונד איך וועל איהם דארט משפט'ן וועגען זיינע זינד וואס ער האט קעגען מיר געזינדיגט:
21 אונד אלע זיינע אנטלאפענע מיט אלע זיינע מחנות וועלען פאלען דורך דעם שווערד, אונד דיא וואס וועלען איבערבלייבען וועלען צושפרייט ווערען צו אלע ווינדען, אונד איהר זאלט וויסען אז איך דער האר האב עס גערעט:
22 אזוי זאגט דער האר גאט, איך וועל אויך נעמען פון דעם העכסטען צווייג פון דעם טאנענבוים, אונד איך וועל עס איינזעצען, אונד איך וועל אפליקען פון דער שפיץ פון זיינע צווייגע א יונג (צווייגעלע) אונד וועל עס פלאנצען אויף א הויכען אונד בערימטען בארג:
23 אויף דעם הויכען בארג פון ישראל וועל איך עס פלאנצען, אונד עס וועט ארויפברענגען צווייגען אונד טראגען פירות אונד עס וועט ווערען א שעהנער טאנענבוים, אונד אונטער איהם וועלען וואוינען אלע־לייא געפליגעלטע פעגעל, אין דעם שאטען פון זיינע צווייגען וועלען זייא וואוינען:
24 אונד אלע ביימער פון דעם פעלד וועלען וויסען אז איך בין דער האר וואס האב נידעריג געמאכט דעם הויכען בוים אונד האב פערדארט דעם פייכטען בוים, אונד דעם פערדארטען בוים האט איך געמאכט בליהען, איך דער האר האב עס גערעט אונד האב עס געטהון:

## קאפיטעל יח

1 אונד דאס ווארט פון דעם האר איז צו מיר געוועזען, אזוי צו זאגען: 2 וואס איז דאס צו אייך דאס איהר זאגט דאס דאזיגע משל אויף ארץ ישראל, אזוי צו זאגען, דיא אבות האבען געגעסען אומצייטיגע פירות אונד דיא ציין פון דיא קינדער זענען שלעכט געווארען: 3 אזוי וואהר וויא איך לעב, זאגט דער האר גאט, אויב עס וועט נאך אזא משל געזאגט ווערען אין ישראל: 4 זעה, אלע נפשות זענען דאך מיין, אזוי וויא דאס נפש פון דעם פאטער איז מיין אזוי איז דאס נפש פון דעם זוהן, דאס נפש וואס זינדיגט וועט שטארבען: 5 אונד ווען א מאן וועט זיין א צדיק אונד וועט טהון דאס וואס איז רעכט אונד גערעכטיגקייט:

ער

6 אֶל־הֶהָרִים לֹא אָכָל וְעֵינָיו לֹא נָשָׂא אֶל־גִּלּוּלֵי בֵּית
יִשְׂרָאֵל וְאֶת־אֵשֶׁת רֵעֵהוּ לֹא טִמֵּא וְאֶל־אִשָּׁה נִדָּה לֹא
7 יִקְרָב׃ וְאִישׁ לֹא יוֹנֶה חֲבֹלָתוֹ חוֹב יָשִׁיב גְּזֵלָה לֹא יִגְזֹל
8 לַחְמוֹ לְרָעֵב יִתֵּן וְעֵירֹם יְכַסֶּה־בָּגֶד׃ בַּנֶּשֶׁךְ לֹא־יִתֵּן
וְתַרְבִּית לֹא יִקָּח מֵעָוֶל יָשִׁיב יָדוֹ מִשְׁפַּט אֱמֶת יַעֲשֶׂה
9 בֵּין אִישׁ לְאִישׁ׃ בְּחֻקּוֹתַי יְהַלֵּךְ וּמִשְׁפָּטַי שָׁמַר לַעֲשׂוֹת
אֱמֶת צַדִּיק הוּא חָיֹה יִחְיֶה נְאֻם אֲדֹנָי יֱהֹוִה׃ וְהוֹלִיד בֵּן־
11 פָּרִיץ שֹׁפֵךְ דָּם וְעָשָׂה אָח מֵאַחַד מֵאֵלֶּה׃ וְהוּא אֶת־
כָּל־אֵלֶּה לֹא עָשָׂה כִּי גַם אֶל־הֶהָרִים אָכַל וְאֶת־אֵשֶׁת
12 רֵעֵהוּ טִמֵּא׃ עָנִי וְאֶבְיוֹן הוֹנָה גְּזֵלוֹת גָּזָל חֲבֹל לֹא יָשִׁיב
13 וְאֶל־הַגִּלּוּלִים נָשָׂא עֵינָיו תּוֹעֵבָה עָשָׂה׃ בַּנֶּשֶׁךְ נָתַן
וְתַרְבִּית לָקַח וָחָי לֹא יִחְיֶה אֵת כָּל־הַתּוֹעֵבוֹת הָאֵלֶּה
14 עָשָׂה מוֹת יוּמָת דָּמָיו בּוֹ יִהְיֶה׃ וְהִנֵּה הוֹלִיד בֵּן וַיַּרְא
אֶת־כָּל־חַטֹּאת אָבִיו אֲשֶׁר עָשָׂה וַיִּרְאֶה וְלֹא יַעֲשֶׂה כָּהֵן׃
טו עַל־הֶהָרִים לֹא אָכָל וְעֵינָיו לֹא נָשָׂא אֶל־גִּלּוּלֵי בֵּית
16 יִשְׂרָאֵל אֶת־אֵשֶׁת רֵעֵהוּ לֹא טִמֵּא׃ וְאִישׁ לֹא הוֹנָה חֲבֹל
לֹא חָבָל וּגְזֵלָה לֹא גָזָל לַחְמוֹ לְרָעֵב נָתָן וְעֵרוֹם כִּסָּה־
17 בָגֶד׃ מֵעָנִי הֵשִׁיב יָדוֹ נֶשֶׁךְ וְתַרְבִּית לֹא לָקָח מִשְׁפָּטַי
עָשָׂה בְּחֻקּוֹתַי הָלָךְ הוּא לֹא יָמוּת בַּעֲוֺן אָבִיו חָיֹה יִחְיֶה׃
18 אָבִיו כִּי־עָשַׁק עֹשֶׁק גָּזַל גֵּזֶל אָח וַאֲשֶׁר לֹא־טוֹב עָשָׂה
19 בְּתוֹךְ עַמָּיו וְהִנֵּה־מֵת בַּעֲוֺנוֹ׃ וַאֲמַרְתֶּם מַדֻּעַ לֹא־נָשָׂא
הַבֵּן בַּעֲוֺן הָאָב וְהַבֵּן מִשְׁפָּט וּצְדָקָה עָשָׂה אֵת כָּל־חֻקּוֹתַי
כ שָׁמַר וַיַּעֲשֶׂה אֹתָם חָיֹה יִחְיֶה׃ הַנֶּפֶשׁ הַחֹטֵאת הִיא תָמוּת
בֵּן לֹא־יִשָּׂא ׀ בַּעֲוֺן הָאָב וְאָב לֹא יִשָּׂא בַּעֲוֺן הַבֵּן צִדְקַת
הַצַּדִּיק עָלָיו תִּהְיֶה וְרִשְׁעַת רָשָׁע עָלָיו תִּהְיֶה׃
21 וְהָרָשָׁע כִּי יָשׁוּב מִכָּל־חַטֹּאתָו אֲשֶׁר עָשָׂה וְשָׁמַר אֶת־
כָּל־חֻקּוֹתַי וְעָשָׂה מִשְׁפָּט וּצְדָקָה חָיֹה יִחְיֶה לֹא יָמוּת׃

6 ער האט ניט געגעסען אויף דיא בערג, אונד ער האט אויך ניט אויפגעהויבען זיינע אויגען צו דיא אפגעטער פון דעם הויזגעזינד פון ישראל, אונד ער האט ניט מטמא געוועזען דאס ווייב פון זיין חבר, אונד ער האט זיך ניט גענעהנט צו א פרויא וואס איז א נדה: 7 אונד ער האט קיין מענש ניט גענארט, אונד ווען ער האט גענומען א משכון פאר א חוב האט ער עס צוריקגעגעבען, ער האט קיינע גזלה געטהון, ער האט געגעבען (פון) זיין ברויט צו דעם הונגריגען, אונד ער האט דעם נאקעטען צוגעדעקט מיט א קלייד: 8 ער האט ניט געגעבען אויף רוחים, אונד ער האט ניט גענומען קיינע פערמעהרונג, פון אומרעכט האט ער אוועקגעקעהרט זיינע האנד, אונד ער האט געמשפט אמת צווישען איין מאן אונד דעם אנדערן: 9 ער איז געגאנגען אין מיינע געזעץ אונד ער האט געהיט מיינע משפטים צו טהון דאס וואס איז אמת, ער איז א צדיק, ער זאל געוויס לעבען, זאגט דער האר גאט: 10 אונד ווען ער געווינט א זוהן וואס איז א פערברעכער אונד פערגיסט בלוט, אונד ער וועט טהון צו א ברודער איינם פון דיא דאזיגע זאכען: 11 חאטשע ער טהוט ניט אלע דיא דאזיגע זאכען, נייערט ער האט געגעסען אויף דיא בערג, אדער ער האט מטמא געוועזען זיין חבר'ס ווייב: 12 דעם ארעמען אונד בעדירפטיגען האט ער גענארט, ער האט א גזלה געטהון, א משכון האט ער ניט צוריקגעגעבען, אונד ער האט אויפגעהויבען זיינע אויגען צו דיא אפגעטער, ער האט געטהון אומווערדיגע מעשים: 13 ער האט געגעבען אויף רווחים, אונד ער האט גענומען פערמעהרונג, אונד זאל ער לעבען? ער זאל ניט לעבען, ער האט געטהון אלע דיא דאזיגע אומווערדיגע מעשים, ער זאל געוויס שטארבען, זיין בלוט זאל אויף איהם זיין: 14 אונד זעה, ווען ער געווינט א זוהן, אונד זעהט אז זיין פאטער טהוט אלע דיזע זינד, אונד חאטשע ער זעהט עס, דאך טהוט ער ניט אזאלכע: 15 ער האט ניט געגעסען אויף דיא בערג, אונד זיינע אויגען האט ער ניט אויפגעהויבען צו דיא אפגעטער פון דעם הויזגעזינד פון ישראל, אונד ער האט ניט מטמא געוועזען זיין חבר'ס ווייב: 16 אונד ער האט קיינעם ניט גענארט, ער האט ניט אנגענומען קיין משכון, אונד ער האט קיינע גזלה געטהון, זיין ברויט האט ער געגעבען צו דעם הונגריגען, אונד דעם נאקעטען האט ער בעדעקט מיט א קלייד: 17 פון דעם ארעמען האט ער אפגעטהון זיינע האנד, רווחים אונד פערמעהרונג האט ער ניט גענומען, ער האט רעכט געטהון, אונד ער איז געגאנגען אין מיינע געזעץ, ער זאל ניט שטארבען וועגען דיא זינד פון זיין פאטער, ער זאל געוויס לעבען: 18 אבער זיין פאטער, ווייל ער האט זעהר אונטערדריקט, אונד האט גאנץ בעגזלת זיין ברודער, אונד ער האט געטהון דאס וואס איז ניט גוט צווישען זיין פאלק, אזוי זעה, ער וועט שטארבען אין זיינע זינד: 19 אונד דאך זאגט איהר, פארוואס זאל ניט דער זוהן טראגען (אדער ליידען פאר) דיא זינד פון דעם פאטער? זייט דער זוהן טהוט רעכט אונד גערעכטיגקייט, ער היט אלע מיינע געזעץ אונד טהוט זייא, ער זאל געוויס לעבען: 20 דאס נפש וואס זינדיגט זאל שטארבען, א זוהן זאל ניט ליידען פאר דיא זינד פון דעם פאטער, אונד דער פאטער זאל ניט ליידען פאר דיא זינד פון דעם זוהן, דאס צדקת פון דעם צדיק זאל אויף איהם זיין, אונד דאס רשעת פון דעם רשע זאל אויף איהם זיין: 21 אונד ווען דער רשע קעהרט זיך אום פון אלע זיינע זינד וואס ער האט געטהון אונד היט אלע מיינע געזעץ, אונד טהוט רעכט אונד גערעכטיגקייט, ער זאל געוויס לעבען, ער זאל ניט שטארבען:

22 כָּל־פְּשָׁעָיו אֲשֶׁר עָשָׂה לֹא יִזָּכְרוּ לוֹ בְּצִדְקָתוֹ אֲשֶׁר־עָשָׂה
23 יִחְיֶה׃ הֶחָפֹץ אֶחְפֹּץ מוֹת רָשָׁע נְאֻם אֲדֹנָי יֱהֹוִה הֲלוֹא
24 בְּשׁוּבוֹ מִדְּרָכָיו וְחָיָה׃ וּבְשׁוּב צַדִּיק מִצִּדְקָתוֹ
וְעָשָׂה עָוֶל כְּכֹל הַתּוֹעֵבוֹת אֲשֶׁר־עָשָׂה הָרָשָׁע יַעֲשֶׂה וָחָי
כָּל־צִדְקֹתָו אֲשֶׁר־עָשָׂה לֹא תִזָּכַרְנָה בְּמַעֲלוֹ אֲשֶׁר־מָעַל
כה וּבְחַטָּאתוֹ אֲשֶׁר־חָטָא בָּם יָמוּת׃ וַאֲמַרְתֶּם לֹא יִתָּכֵן דֶּרֶךְ
אֲדֹנָי שִׁמְעוּ־נָא בֵּית יִשְׂרָאֵל הֲדַרְכִּי לֹא יִתָּכֵן הֲלֹא
26 דַרְכֵיכֶם לֹא יִתָּכֵנוּ׃ בְּשׁוּב־צַדִּיק מִצִּדְקָתוֹ וְעָשָׂה עָוֶל
27 וּמֵת עֲלֵיהֶם בְּעַוְלוֹ אֲשֶׁר־עָשָׂה יָמוּת׃ וּבְשׁוּב רָשָׁע
מֵרִשְׁעָתוֹ אֲשֶׁר עָשָׂה וַיַּעַשׂ מִשְׁפָּט וּצְדָקָה הוּא אֶת־נַפְשׁוֹ
28 יְחַיֶּה׃ וַיִּרְאֶה וַיָּשׁוֹב מִכָּל־פְּשָׁעָיו אֲשֶׁר עָשָׂה חָיוֹ יִחְיֶה
29 לֹא יָמוּת׃ וְאָמְרוּ בֵּית יִשְׂרָאֵל לֹא יִתָּכֵן דֶּרֶךְ אֲדֹנָי
הַדְּרָכַי לֹא יִתָּכְנוּ בֵּית יִשְׂרָאֵל הֲלֹא דַרְכֵיכֶם לֹא יִתָּכֵן׃
ל לָכֵן אִישׁ כִּדְרָכָיו אֶשְׁפֹּט אֶתְכֶם בֵּית יִשְׂרָאֵל נְאֻם אֲדֹנָי
יֱהֹוִה שׁוּבוּ וְהָשִׁיבוּ מִכָּל־פִּשְׁעֵיכֶם וְלֹא־יִהְיֶה לָכֶם
31 לְמִכְשׁוֹל עָוֹן׃ הַשְׁלִיכוּ מֵעֲלֵיכֶם אֶת־כָּל־פִּשְׁעֵיכֶם אֲשֶׁר
פְּשַׁעְתֶּם בָּם וַעֲשׂוּ לָכֶם לֵב חָדָשׁ וְרוּחַ חֲדָשָׁה וְלָמָּה
32 תָמֻתוּ בֵּית יִשְׂרָאֵל׃ כִּי לֹא אֶחְפֹּץ בְּמוֹת הַמֵּת נְאֻם אֲדֹנָי
יֱהֹוִה וְהָשִׁיבוּ וִחְיוּ׃

## יט יט

א 2 וְאַתָּה שָׂא קִינָה אֶל־נְשִׂיאֵי יִשְׂרָאֵל׃ וְאָמַרְתָּ מָה אִמְּךָ
לְבִיָּא בֵּין אֲרָיוֹת רָבָצָה בְּתוֹךְ כְּפִרִים רִבְּתָה גוּרֶיהָ׃
3 וַתַּעַל אֶחָד מִגֻּרֶיהָ כְּפִיר הָיָה וַיִּלְמַד לִטְרָף־טֶרֶף אָדָם
4 אָכָל׃ וַיִּשְׁמְעוּ אֵלָיו גּוֹיִם בְּשַׁחְתָּם נִתְפָּשׂ וַיְבִאֻהוּ בַחַחִים
ה אֶל־אֶרֶץ מִצְרָיִם׃ וַתֵּרֶא כִּי נוֹחֲלָה אָבְדָה תִּקְוָתָהּ וַתִּקַּח
6 אֶחָד מִגֻּרֶיהָ כְּפִיר שָׂמָתְהוּ׃ וַיִּתְהַלֵּךְ בְּתוֹךְ־אֲרָיוֹת כְּפִיר
7 הָיָה וַיִּלְמַד לִטְרָף־טֶרֶף אָדָם אָכָל׃ וַיֵּדַע אַלְמְנוֹתָיו

22 אַלֶע זַיינֶע זִינְד וָואס עֶר הָאט גֶעטְהוּן
זָאל צוּ אִיהְם נִיט גֶעדַאכְט וֶוערֶען, דוּרְךְ
זַיינֶע גֶערֶעכְטִיגְקַייט וָואס עֶר טְהוּט זָאל
עֶר לֶעבֶּען׃ 23 פֶערְלַאנְג אִיךְ דֶען דֶעם
טוֹיט פוּן דֶעם רָשָׁע? זָאגְט דֶער הַאר גָאט,
אִיז עֶס נִיט פִיל מֶעהְר אַז עֶר זָאל זִיךְ אוּמְ־
קֶעהְרֶען פוּן זַיינֶע בֵּייזֶע וֶועגֶען כְּדֵי עֶר זָאל
לֶעבֶּען? 24 אָבֶּער וֶוען דֶער צַדִיק קֶעהְרְט
זִיךְ אוּם פוּן זַיינֶע גֶערֶעכְטִיגְקַייט אוּנְד
טְהוּט אוּמְרֶעכְט אוּנְד טְהוּט נָאךְ אַלֶע
אוּמְוֶוערְדִיגֶע מַעֲשִׂים וָואס דֶער רָשָׁע
טְהוּט, זָאל עֶר לֶעבֶּען? אַלֶע זַיינֶע גֶע־
רֶעכְטִיגְקַייט וָואס עֶר הָאט גֶעטְהוּן זָאל
נִיט גֶעדַאכְט וֶוערֶען, אִין זַיינֶע אִיבֶּערְ־
טְרֶעטוּנְג וָואס עֶר הָאט אִיבֶּערְטְרֶעטֶען,
אוּנְד אִין זַיינֶע זִינְד וָואס עֶר הָאט גֶעזִינְ־
דִיגְט, אִין זֵייא זָאל עֶר שְׁטַארְבֶּען׃ 25 אוּנְד
דָאךְ זָאגְט אִיהְר אַז דֶער וֶועג פוּן דֶעם הַאר
אִיז נִיט רֶעכְט; הֶערְט דָאךְ, אָ אִיהְר הוֹיזְ־
גֶעזִינְד פוּן יִשְׂרָאֵל, אִיז נִיט מֵיין וֶועג רֶעכְט?
אִיז דֶען נִיט פִיל מֶעהְר אַז אֵייעֶר וֶועג אִיז
נִיט רֶעכְט? 26 וֶוען אַ צַדִיק קֶעהְרְט זִיךְ
אוּם פוּן זַיינֶע גֶערֶעכְטִיגְקַייט אוּנְד טְהוּט
אוּמְרֶעכְט, אוּנְד שְׁטַארְבְּט דַארִין, (אַזוֹי
אִיז עֶס) וֶועגֶען זַיין אוּמְרֶעכְט וָואס עֶר הָאט גֶעטְהוּן זָאל עֶר שְׁטַארְבֶּען׃ 27 אוּנְד וֶוען
דֶער רָשָׁע קֶעהְרְט זִיךְ אוּם פוּן זַיין רִשְׁעַת וָואס עֶר הָאט גֶעטְהוּן, אוּנְד טְהוּט רֶעכְט
אוּנְד גֶערֶעכְטִיגְקַייט עֶר זָאל זַיין נֶפֶשׁ בֵּיים לֶעבֶּען דֶערְהַאלְטֶען׃ 28 וַוייל עֶר הָאט
אַיינְגֶעזֶעהֶען אוּנְד הָאט זִיךְ אַוֶועקְגֶעקֶעהְרְט פוּן אַלֶע זַיינֶע זִינְד וָואס עֶר הָאט גֶעטְהוּן
עֶר זָאל גֶעווִיס לֶעבֶּען, עֶר זָאל נִיט שְׁטַארְבֶּען׃ 29 אוּנְד דָאךְ זָאגְט דָאס הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן
יִשְׂרָאֵל, דֶער וֶועג פוּן דֶעם הַאר אִיז נִיט רֶעכְט; זֶענֶען דֶען נִיט מֵיינֶע וֶועגֶע רֶעכְט, אָ
הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן יִשְׂרָאֵל? זֶענֶען דֶען נִיט פִיל מֶעהְר אֵייעֶרֶע וֶועגֶע נִיט רֶעכְט? 30 דָארוּם
וֶועל אִיךְ אִיטְלִיכֶען פוּן אֵייךְ נָאךְ זַיין וֶועג מִשְׁפָּט'ן, אָ הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן יִשְׂרָאֵל!
טְהוּט תְּשׁוּבָה אוּנְד קֶעהְרְט אֵייךְ אוּם פוּן אַלֶע אֵייעֶרֶע זִינְד, אַזוֹי וֶועלֶען אֵייעֶרֶע זִינְד נִיט
מֶעהְר צוּ אֵייךְ זַיין אַ שְׁטְרוֹיכְלוּנְג׃ 31 וַוארְפְט פוּן אֵייךְ אַוֶועק אַלֶע אֵייעֶרֶע זִינְד מִיט
וֶועלְכֶע אִיהְר הָאט גֶעזִינְדִיגְט, אוּנְד מַאכְט אֵייךְ אַ נֵייא הַארְץ, אוּנְד אַ נֵייעֶן גֵייסְט, וָוארִין
פַארְוָואס זָאלְט אִיהְר שְׁטַארְבֶּען, אָ הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן יִשְׂרָאֵל? 32 וָוארִין אִיךְ בֶּעגֶעהְר נִיט
דֶעם טוֹיט פוּן דֶעם וָואס שְׁטַארְבְּט, זָאגְט דֶער הַאר גָאט, דָארִיבֶּער טְהוּט תְּשׁוּבָה אוּנְד
בְּלֵייבְּט דָאךְ לֶעבֶּען׃

## קאפיטעל יט

1 אוּנְד דוּא זָאלְסְט אוֹיפְהֶעבֶּען אַ קְלָאג וֶועגֶען דִיא נְשִׂיאִים פוּן יִשְׂרָאֵל׃ 2 אוּנְד דוּא
זָאלְסְט זָאגֶען, וָואס אִיז דֵיינֶע מוּטֶער? אַ לֵייבִּין, זִיא הָאט זִיךְ אַנִידֶערְגֶעלֶעגְט צְוִוישֶׁען דִיא
לֵייבֶּען, זִיא הָאט אִיהְרֶע יוּנְגֶע לֵייבֶּען אוֹיפְגֶעבְּרַאכְט צְוִוישֶׁען דִיא שְׁטַארְקֶע לֵייבֶּען׃
3 זִיא הָאט אוֹיפְגֶעבְּרַאכְט אֵיינֶעם פוּן אִיהְרֶע יוּנְגֶען אוּנְד עֶר אִיז גֶעוָוארֶען אַ שְׁטַארְקֶער
לֵייבּ, עֶר הָאט גֶעלֶערְנְט צוּ פֶערְצִיקֶען, עֶר הָאט מֶענְשֶׁען גֶעפְרֶעסֶען׃ 4 אוּנְד וֶוען דִיא
פֶעלְקֶער הָאבֶּען פוּן אִיהְם גֶעהֶערְט אַזוֹי הָאבֶּען זֵייא אִיהְם גֶעחַאפְּט אִין זֵייעֶר גְרוּבּ, אוּנְד
זֵייא הָאבֶּען אִיהְם גֶעבְּרַאכְט מִיט קֶעטֶען צוּ דֶעם לַאנְד מִצְרַיִם׃ 5 אוּנְד וֶוען זִיא הָאט
גֶעזֶעהֶען נָאכְדֶעם זִיא הָאט גֶעוַוארְט, אַז אִיהְרֶע הָאפֶענוּנְג אִיז פֶערְלוֹירֶען, אַזוֹי הָאט זִיא
(ווִידֶער) גֶענוּמֶען אֵיינֶעם פוּן דִיא יוּנְגֶע לֵייבֶּען אוּנְד זִיא הָאט אִיהְם גֶעמַאכְט (פַאר אַ
שְׁטַארְקֶען לֵייבּ)׃ 6 אוּנְד עֶר אִיז גֶעגַאנְגֶען צְוִוישֶׁען דִיא לֵייבֶּען, אוּנְד עֶר אִיז גֶעוָוארֶען
אַ שְׁטַארְקֶער לֵייבּ, אוּנְד עֶר הָאט גֶעלֶערְנְט צוּ חַאפֶּען (אָדֶער פֶערְצוּקֶען) עֶר הָאט מֶענְ־
שֶׁען גֶעפְרֶעסֶען׃ 7 אוּנְד עֶר הָאט גֶעוְואוּסְט דִיא אַלְמָנוֹת (זֵייעֶרֶע ווִיסְטֶע פַּאלַאסְטֶען),

אונד ער האט חרוב געמאכט זייערע שטעט, אונד דאס לאנד איז פערוויסט געווארען, אונד איז געוועזען פול וועגען דעם קול פון זיין געשרייא: 8 אונד עס האבען זיך איבער איהם פערזאמעלט גוים פון רינגס ארום די מדינות, אונד זייא האבען איבער איהם אויסגעשפרייט זייער נעץ, אונד ער איז געחאפט געווארען אין זייער גרוב: 9 אונד זייא האבען איהם געשלאסען מיט קעטען, אונד זייא האבען איהם געבראכט צו דעם מלך פון בבל, זייא האבען איהם אריינגעבראכט אין די פעסטונג כדי מען זאל ניט מעהר הערען זיין קול אויף די בערג פון ישראל: 10 דיינע מוטער איז וויא א ווייןשטאק אין דיין גלייכנים בייא דעם וואסער געפלאנצט, איהרע פרוכט אונד צווייגען זענען געוועזען פון וועגען די פילע וואסער: 11 אונד זיא האט געהאט שטארקע שטעקען, אונד רוטער פאר די געוועלטיגערס, אונד איהרע הייך איז דערהויבען געווארען צווישען די דיקע צווייגען, אונד זיא איז אין איהרע הייך געזעהען געווארען וועגען די פילע צווייגען: 12 אבער זיא איז אפגעבראכען געווארען אין דעם גרימצארן, אונד צו דער ערד געווארפען געווארען, אונד דער מזרח־ווינד האט פערדארט איהרע פירות, זייא זענען אפגעריסען אונד פערדארט געווארען, איהר שטארקען שטעקען האט א פייער פערברענט: 13 אונד אצונד איז זיא געפלאנצט אין דער מדבר, אין א טרוקען אונד א דורשטיג לאנד: 14 אונד עס איז ארויסגעגאנגען א פייער פון א שטעקען פון איהרע צווייגען, וואס האט פערברענט איהרע פירות, אונד עס איז שוין ניט מעהר אין איהר געוועזען א שטארקער שטעקען צו זיין א רוט צו געוועלטיגען, זיא איז א קלאג, אונד זיא איז געווארען צו א קלאג:

קאפיטעל כ

1 אונד עס איז געוועזען אין דעם זיבעטען יאהר, אין דעם פינפטען חדש, אין דעם צעהנטען טאג פון חדש, זענען געקומען מענער פון די עלצטע פון ישראל צו פארשען דעם האר, אונד זייא זענען פאר מיר געזעסען: 2 אונד דאס ווארט פון דעם האר איז צו מיר געוועזען, אזוי צו זאגען: 3 בן־אדם, רעד צו די עלצטע פון ישראל, אונד דוא זאלסט צו זייא זאגען, אזוי זאגט דער האר גאט, זענט איהר געקומען מיך צו פארשען? אזוי וואהר וויא איך לעב, זאגט דער האר גאט, אויב איך וועל פון אייך געפארשט ווערען: 4 ווען דוא ווילסט טאקע מיט זייא א וויכוח האבען? ווילסט דוא זייא משפט'ן בן־אדם? אזוי לאז זייא וויסען די אומווערדיגע מעשים פון זייערע אבות: 5 אונד דוא זאלסט צו זייא זאגען, אזוי זאגט דער האר גאט, אין דעם טאג ווען איך האב ישראל אויסדערוועהלט, אונד האב אויפגעהויבען מיינע האנד צו דעם זאמען פון דעם הויזגעזינד יעקב, אונד איך האב מיך צו זייא בעקאנט געמאכט אין דעם לאנד מצרים, ווען איך האב אויפגעהויבען מיינע האנד צו זייא אזוי צו זאגען, איך בין דער האר אייער גאט: 6 אין דעם דאזיגען טאג ווען איך האב אויפגעהויבען מיינע האנד צו זייא כדי זייא ארויסצוברענגען אויס דעם לאנד מצרים, (אריינצוברענגען) אין א לאנד וואס איך האב פאר זייא אויסגעזעהען, וואס פליסט מיט מילך אונד האניג, וואס איז דאס שענסטע פון אלע לענדער: 7 אונד איך האב צו זייא געזאגט, לאז איטליכער מאן אוועקווארפען די אומווירדיגע געצען פון זיינע אויגען, אונד איהר זאלט אייך ניט מטמא זיין מיט די אפגעטער פון מצרים, איך בין דער האר אייער גאט: 8 אבער זייא האבען קעגען מיר מורד געוועזען, אונד זייא האבען ניט געוואלט צו מיר צו הערען, קיין מאן האט ניט אוועקגעווארפען די אומווערדיגע געצען פון זיינע אויגען,

8 וְעָרֵיהֶם הֶחֱרִיב וַתֵּשַׁם אֶרֶץ וּמְלֹאָהּ מִקּוֹל שַׁאֲגָתוֹ׃ וַיִּתְּנוּ
עָלָיו גּוֹיִם סָבִיב מִמְּדִינוֹת וַיִּפְרְשׂוּ עָלָיו רִשְׁתָּם בְּשַׁחְתָּם
9 נִתְפָּשׂ׃ וַיִּתְּנֻהוּ בַסּוּגַר בַּחַחִים וַיְבִאֻהוּ אֶל־מֶלֶךְ בָּבֶל
יְבִאֻהוּ בַּמְּצֹדוֹת לְמַעַן לֹא־יִשָּׁמַע קוֹלוֹ עוֹד אֶל־הָרֵי
י יִשְׂרָאֵל׃ אִמְּךָ כַגֶּפֶן בְּדָמְךָ עַל־מַיִם שְׁתוּלָה פֹּרִיָּה
11 וַעֲנֵפָה הָיְתָה מִמַּיִם רַבִּים׃ וַיִּהְיוּ־לָהּ מַטּוֹת עֹז אֶל־שִׁבְטֵי
מֹשְׁלִים וַתִּגְבַּהּ קוֹמָתוֹ עַל־בֵּין עֲבֹתִים וַיֵּרָא בְגָבְהוֹ בְּרֹב
12 דָּלִיֹּתָיו׃ וַתֻּתַּשׁ בְּחֵמָה לָאָרֶץ הֻשְׁלָכָה וְרוּחַ הַקָּדִים הוֹבִישׁ
13 פִּרְיָהּ הִתְפָּרְקוּ וְיָבֵשׁוּ מַטֵּה עֻזָּהּ אֵשׁ אֲכָלָתְהוּ׃ וְעַתָּה
14 שְׁתוּלָה בַמִּדְבָּר בְּאֶרֶץ צִיָּה וְצָמָא׃ וַתֵּצֵא אֵשׁ מִמַּטֵּה
בַדֶּיהָ פִּרְיָהּ אָכָלָה וְלֹא־הָיָה בָהּ מַטֵּה־עֹז שֵׁבֶט לִמְשׁוֹל
קִינָה הִיא וַתְּהִי לְקִינָה׃

כ

א וַיְהִי ׀ בַּשָּׁנָה הַשְּׁבִיעִית בַּחֲמִשִׁי בֶּעָשׂוֹר לַחֹדֶשׁ בָּאוּ
אֲנָשִׁים מִזִּקְנֵי יִשְׂרָאֵל לִדְרֹשׁ אֶת־יְהוָה וַיֵּשְׁבוּ לְפָנָי׃
2 3 וַיְהִי דְבַר־יְהוָה אֵלַי לֵאמֹר׃ בֶּן־אָדָם דַּבֵּר אֶת־זִקְנֵי
יִשְׂרָאֵל וְאָמַרְתָּ אֲלֵהֶם כֹּה אָמַר אֲדֹנָי יֱהוִה הֲלִדְרֹשׁ
אֹתִי אַתֶּם בָּאִים חַי־אָנִי אִם־אִדָּרֵשׁ לָכֶם נְאֻם אֲדֹנָי
4 יֱהוִה׃ הֲתִשְׁפֹּט אֹתָם הֲתִשְׁפּוֹט בֶּן־אָדָם אֶת־תּוֹעֲבֹת
ה אֲבוֹתָם הוֹדִיעֵם׃ וְאָמַרְתָּ אֲלֵיהֶם כֹּה־אָמַר אֲדֹנָי יֱהוִה
בְּיוֹם בָּחֳרִי בְיִשְׂרָאֵל וָאֶשָּׂא יָדִי לְזֶרַע בֵּית יַעֲקֹב וָאִוָּדַע
לָהֶם בְּאֶרֶץ מִצְרָיִם וָאֶשָּׂא יָדִי לָהֶם לֵאמֹר אֲנִי יְהוָה
6 אֱלֹהֵיכֶם׃ בַּיּוֹם הַהוּא נָשָׂאתִי יָדִי לָהֶם לְהוֹצִיאָם מֵאֶרֶץ
מִצְרָיִם אֶל־אֶרֶץ אֲשֶׁר־תַּרְתִּי לָהֶם זָבַת חָלָב וּדְבַשׁ צְבִי
7 הִיא לְכָל־הָאֲרָצוֹת׃ וָאֹמַר אֲלֵהֶם אִישׁ שִׁקּוּצֵי עֵינָיו
הַשְׁלִיכוּ וּבְגִלּוּלֵי מִצְרַיִם אַל־תִּטַּמָּאוּ אֲנִי יְהוָה אֱלֹהֵיכֶם׃
8 וַיַּמְרוּ־בִי וְלֹא אָבוּ לִשְׁמֹעַ אֵלַי אִישׁ אֶת־שִׁקּוּצֵי עֵינֵיהֶם

לֹא הִשְׁלִיכוּ וְאֶת־גִּלּוּלֵי מִצְרַיִם לֹא עָזָבוּ וָאֹמַר לִשְׁפֹּךְ
חֲמָתִי עֲלֵיהֶם לְכַלּוֹת אַפִּי בָּהֶם בְּתוֹךְ אֶרֶץ מִצְרָיִם׃
9 וָאַעַשׂ לְמַעַן שְׁמִי לְבִלְתִּי הֵחֵל לְעֵינֵי הַגּוֹיִם אֲשֶׁר־הֵמָּה
בְתוֹכָם אֲשֶׁר נוֹדַעְתִּי אֲלֵיהֶם לְעֵינֵיהֶם לְהוֹצִיאָם מֵאֶרֶץ
י מִצְרָיִם׃ וָאוֹצִיאֵם מֵאֶרֶץ מִצְרָיִם וָאֲבִאֵם אֶל־הַמִּדְבָּר׃
11 וָאֶתֵּן לָהֶם אֶת־חֻקּוֹתַי וְאֶת־מִשְׁפָּטַי הוֹדַעְתִּי אוֹתָם אֲשֶׁר
12 יַעֲשֶׂה אוֹתָם הָאָדָם וָחַי בָּהֶם׃ וְגַם אֶת־שַׁבְּתוֹתַי נָתַתִּי
לָהֶם לִהְיוֹת לְאוֹת בֵּינִי וּבֵינֵיהֶם לָדַעַת כִּי אֲנִי יְהוָה
13 מְקַדְּשָׁם׃ וַיַּמְרוּ־בִי בֵית־יִשְׂרָאֵל בַּמִּדְבָּר בְּחֻקּוֹתַי לֹא־
הָלָכוּ וְאֶת־מִשְׁפָּטַי מָאָסוּ אֲשֶׁר יַעֲשֶׂה אֹתָם הָאָדָם וָחַי
בָּהֶם וְאֶת־שַׁבְּתֹתַי חִלְּלוּ מְאֹד וָאֹמַר לִשְׁפֹּךְ חֲמָתִי עֲלֵיהֶם
14 בַּמִּדְבָּר לְכַלּוֹתָם׃ וָאֶעֱשֶׂה לְמַעַן שְׁמִי לְבִלְתִּי הֵחֵל לְעֵינֵי
טו הַגּוֹיִם אֲשֶׁר הוֹצֵאתִים לְעֵינֵיהֶם׃ וְגַם־אֲנִי נָשָׂאתִי יָדִי
לָהֶם בַּמִּדְבָּר לְבִלְתִּי הָבִיא אוֹתָם אֶל־הָאָרֶץ אֲשֶׁר־נָתַתִּי
16 זָבַת חָלָב וּדְבַשׁ צְבִי הִיא לְכָל־הָאֲרָצוֹת׃ יַעַן בְּמִשְׁפָּטַי
מָאָסוּ וְאֶת־חֻקּוֹתַי לֹא־הָלְכוּ בָהֶם וְאֶת־שַׁבְּתוֹתַי חִלֵּלוּ כִּי
17 אַחֲרֵי גִלּוּלֵיהֶם לִבָּם הֹלֵךְ׃ וַתָּחָס עֵינִי עֲלֵיהֶם מִשַּׁחֲתָם
18 וְלֹא־עָשִׂיתִי אוֹתָם כָּלָה בַּמִּדְבָּר׃ וָאֹמַר אֶל־בְּנֵיהֶם
בַּמִּדְבָּר בְּחוּקֵּי אֲבוֹתֵיכֶם אַל־תֵּלֵכוּ וְאֶת־מִשְׁפְּטֵיהֶם
19 אַל־תִּשְׁמֹרוּ וּבְגִלּוּלֵיהֶם אַל־תִּטַּמָּאוּ׃ אֲנִי יְהוָה אֱלֹהֵיכֶם
כ בְּחֻקּוֹתַי לֵכוּ וְאֶת־מִשְׁפָּטַי שִׁמְרוּ וַעֲשׂוּ אוֹתָם׃ וְאֶת־
שַׁבְּתוֹתַי קַדֵּשׁוּ וְהָיוּ לְאוֹת בֵּינִי וּבֵינֵיכֶם לָדַעַת כִּי אֲנִי
21 יְהוָה אֱלֹהֵיכֶם׃ וַיַּמְרוּ־בִי הַבָּנִים בְּחֻקּוֹתַי לֹא־הָלָכוּ וְאֶת־
מִשְׁפָּטַי לֹא־שָׁמְרוּ לַעֲשׂוֹת אוֹתָם אֲשֶׁר יַעֲשֶׂה אוֹתָם
הָאָדָם וָחַי בָּהֶם אֶת־שַׁבְּתוֹתַי חִלֵּלוּ וָאֹמַר לִשְׁפֹּךְ חֲמָתִי
22 עֲלֵיהֶם לְכַלּוֹת אַפִּי בָּם בַּמִּדְבָּר׃ וַהֲשִׁבֹתִי אֶת־יָדִי וָאַעַשׂ
לְמַעַן שְׁמִי לְבִלְתִּי הֵחֵל לְעֵינֵי הַגּוֹיִם אֲשֶׁר־הוֹצֵאתִי

אוּנְד דִיא אָפְּגֶעטֶער פוּן מִצְרַיִם הָאבֶּען זַייא נִיט פֶערְלָאזֶען, אַזוֹי הָאבּ אִיךְ גֶע־טְרַאכְט מֵיין גְרִימְצָארְן אִיבֶּער זַייא אוֹיסְצוּגִיסֶען כְּדֵי זַייא צוּ פֶערְטִילְגֶען מִיט מֵיין צָארְן אִין דֶעם לַאנְד מִצְרַיִם: 9 אוּנְד אִיךְ הָאבּ עֶס גֶעטְהוּן פוּן מֵיין נָאמֶענְס װעגֶען אַז עֶר זָאל נִיט פֶערְ־שְׁװעכְט װערֶען פָאר דִיא אוֹיגֶען פוּן דִיא גוֹיִם צְװִישֶׁען װעלְכֶע זַייא זֶענֶען, װָאס אִיךְ הָאבּ מִיךְ צוּ זַייא בֶּעקַאנְט גֶעמַאכְט פָאר זֵייעֶרֶע אוֹיגֶען כְּדֵי זַייא אַרוֹיסְצוּ־בְּרֶענְגֶען אוֹיס דֶעם לַאנְד מִצְרַיִם: 10 אוּנְד אִיךְ הָאבּ זַייא אַרוֹיסְגֶעבְּרַאכְט אוֹיס דֶעם לַאנְד מִצְרַיִם, אוּנְד אִיךְ הָאבּ זַייא אַרֵיינְגֶעבְּרַאכְט אִין דֶער מִדְבָּר: 11 אוּנְד אִיךְ הָאבּ צוּ זַייא גֶעגֶעבֶּען מֵיינֶע גֶעזֶעץ, אוּנְד אִיךְ הָאבּ צוּ זַייא בֶּעקַאנְט גֶעמַאכְט מֵיינֶע מִשְׁפָּטִים, װעלְכֶע װען אַ מֶענְשׁ טְהוּט זַייא, זָאל עֶר דוּרְךְ זַייא לֶעבֶּען: 12 אוּנְד אִיךְ הָאבּ אוֹיךְ צוּ זַייא גֶעגֶעבֶּען מֵיינֶע שַׁבָּתִים, כְּדֵי זַייא זָאלֶען זֵיין אַ צֵייכֶען צְװִישֶׁען מִיר אוּנְד צְװִישֶׁען זַייא אַז זַייא זָאלֶען װִיסֶען אַז אִיךְ בִּין דֶער הַאר װָאס הֵיילִיגְט זַייא:

13 אָבֶּער דָאס הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן יִשְׂרָאֵל הָאט קֶעגֶען מִיר מוֹרֵד גֶעװעזֶען אִין דֶער מִדְבָּר, זַייא זֶענֶען נִיט גֶעגַאנְגֶען אִין מֵיינֶע גֶעזֶעץ, אוּנְד מֵיינֶע מִשְׁפָּטִים הָאבֶּען זַייא פֶערְאַכְ־טֶעט, װעלְכֶע װען אַ מֶענְשׁ טְהוּט זַייא אַזוֹי זָאל עֶר דוּרְךְ זַייא לֶעבֶּען, אוּנְד זַייא הָא־בֶּען מֵיינֶע שַׁבָּתִים גַאנְץ מְחַלֵל גֶעװעזֶען, אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעטְרַאכְט אִיבֶּער זַייא אוֹיסְ־צוּגִיסֶען מֵיין גְרִימְצָארְן אִין דֶער מִדְבָּר כְּדֵי זַייא צוּ פֶערְטִילְגֶען: 14 אָבֶּער אִיךְ הָאבּ עֶס (נִיט) גֶעטְהוּן פוּן מֵיין נָאמֶענְס װעגֶען, כְּדֵי עֶר זָאל נִיט פֶערְשְׁװעכְט װערֶען פָאר דִיא אוֹיגֶען פוּן דִיא גוֹיִם װָאס אִיךְ הָאבּ זַייא פָאר זֵייעֶרֶע אוֹיגֶען אַרוֹיסְגֶעבְּרַאכְט: 15 אוּנְד אִיךְ הָאבּ אוֹיךְ אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען צוּ זַייא מֵיינֶע הַאנְד אִין דֶער מִדְבָּר אַז אִיךְ זָאל זַייא נִיט אַרֵיינְבְּרֶענְגֶען צוּ דֶעם לַאנְד װָאס אִיךְ הָאבּ צוּ זַייא גֶעגֶעבֶּען, װָאס פְלִיסְט מִיט מִילְךְ אוּנְד הָאנִיג אוּנְד װָאס אִיז דָאס שֶׁענְסְטֶע פוּן אַלֶע לֶענְדֶער: 16 װֵייל זַייא הָאבֶּען פֶערְאַכְטֶעט מֵיינֶע מִשְׁפָּטִים, אוּנְד זַייא זֶענֶען נִיט גֶעגַאנְגֶען אִין מֵיינֶע גֶעזֶעץ, אוּנְד זַייא הָאבֶּען מֵיינֶע שַׁבָּתִים מְחַלֵל גֶעװעזֶען, נֵייעֶרְט זַייא זֶענֶען מִיט זֵייעֶרֶע הֶערְצֶער נָאכְגֶע־גַאנְגֶען זֵייעֶרֶע אָפְּגֶעטֶער: 17 אָבֶּער מֵיין אוֹיג הָאט זִיךְ אִיבֶּער זַייא דֶערְבַּארְמְט אַז אִיךְ הָאבּ זַייא נִיט פֶערְדָארְבֶּען, אוּנְד אִיךְ הָאבּ זַייא אוֹיךְ נִיט אִים גַאנְצֶען פֶערְטִילְגְט אִין דֶער מִדְבָּר: 18 אָבֶּער אִיךְ הָאבּ גֶעזָאגְט צוּ זֵייעֶרֶע קִינְדֶער אִין דֶער מִדְבָּר, אִיהְר זָאלְט נִיט גֶעהֶען אִין דִיא גֶעזֶעץ פוּן אֵייעֶרֶע אָבוֹת, אוּנְד זֵייעֶרֶע מִשְׁפָּטִים זָאלְט אִיהְר נִיט הִיטֶען, אוּנְד מִיט זֵייעֶרֶע גֶע־צֶען זָאלְט אִיהְר אֵייךְ נִיט מְטַמֵא זֵיין: 19 אִיךְ בִּין דֶער הַאר, אִיהְר זָאלְט גֶעהְן אִין מֵיינֶע גֶעזֶעץ, אוּנְד מֵיינֶע מִשְׁפָּטִים זָאלְט אִיהְר הִיטֶען, אוּנְד אִיהְר זָאלְט זַייא טְהוּן: 20 אוּנְד אִיהְר זָאלְט הֵיילִיגֶען מֵיינֶע שַׁבָּתִים, אוּנְד זַייא זָאלֶען זֵיין פַאר אַ צֵייכֶען צְװִישֶׁען מִיר אוּנְד צְװִישֶׁען אֵייךְ, כְּדֵי צוּ װִיסֶען אַז אִיךְ בִּין דֶער הַאר אֵייעֶר גָאט: 21 אוּנְד דִיא קִינְדֶער הָאבֶּען קֶעגֶען מִיר װִידֶערְגֶעשְׁפֶּענִיגְט, זַייא זֶענֶען נִיט גֶעגַאנְגֶען אִין מֵיינֶע גֶעזֶעץ, אוּנְד זַייא הָאבֶּען נִיט גֶעהִיט מֵיינֶע מִשְׁפָּטִים זַייא צוּ טְהוּן, װעלְכֶע הֶען אַ מֶענְשׁ טְהוּט זַייא, זָאל עֶר דוּרְךְ זַייא לֶעבֶּען,-זַייא הָאבֶּען מֵיינֶע שַׁבָּתִים מְחַלֵל גֶעװעזֶען–אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעטְרַאכְט מֵיין גְרִימְצָארְן אִיבֶּער זַייא אוֹיסְצוּגִיסֶען כְּדֵי צוּ פֶערְלֶענְדֶען מֵיין צָארְן קֶעגֶען זַייא אִין דֶער מִדְבָּר: 22 אָבֶּער דָאךְ הָאבּ אִיךְ מֵיינֶע הַאנְד צוּרִיקְגֶעהַאלְטֶען, אוּנְד דָאס הָאבּ אִיךְ גֶעטְהוּן װעגֶען מֵיין נָאמֶענְ׳ס װִילֶען כְּדֵי אִיךְ זָאל זַייא נִיט פֶערְשְׁװעכֶען פָאר דִיא אוֹיגֶען פוּן דִיא פֶעלְקֶער פָאר װעלְכֶע אִיךְ הָאבּ זַייא אַרוֹיסְגֶעבְּרַאכְט:

איך

אֹתָם לְעֵינֵיהֶם׃ גַּם־אֲנִי נָשָׂאתִי אֶת־יָדִי לָהֶם בַּמִּדְבָּר 23
לְהָפִיץ אֹתָם בַּגּוֹיִם וּלְזָרוֹת אוֹתָם בָּאֲרָצוֹת׃ יַעַן מִשְׁפָּטַי 24
לֹא־עָשׂוּ וְחֻקּוֹתַי מָאָסוּ וְאֶת־שַׁבְּתוֹתַי חִלֵּלוּ וְאַחֲרֵי גִּלּוּלֵי
אֲבוֹתָם הָיוּ עֵינֵיהֶם׃ וְגַם־אֲנִי נָתַתִּי לָהֶם חֻקִּים לֹא כה
טוֹבִים וּמִשְׁפָּטִים לֹא יִחְיוּ בָּהֶם׃ וָאֲטַמֵּא אוֹתָם בְּמַתְּנוֹתָם 26
בְּהַעֲבִיר כָּל־פֶּטֶר רָחַם לְמַעַן אֲשִׁמֵּם לְמַעַן אֲשֶׁר יֵדְעוּ
אֲשֶׁר אֲנִי יְהוָה׃ לָכֵן דַּבֵּר אֶל־בֵּית יִשְׂרָאֵל בֶּן־אָדָם 27
וְאָמַרְתָּ אֲלֵיהֶם כֹּה אָמַר אֲדֹנָי יְהוִה עוֹד זֹאת גִּדְּפוּ אוֹתִי
אֲבוֹתֵיכֶם בְּמַעֲלָם בִּי מָעַל׃ וָאֲבִיאֵם אֶל־הָאָרֶץ אֲשֶׁר 28
נָשָׂאתִי אֶת־יָדִי לָתֵת אוֹתָהּ לָהֶם וַיִּרְאוּ כָל־גִּבְעָה רָמָה
וְכָל־עֵץ עָבֹת וַיִּזְבְּחוּ־שָׁם אֶת־זִבְחֵיהֶם וַיִּתְּנוּ־שָׁם כַּעַס
קָרְבָּנָם וַיָּשִׂימוּ שָׁם רֵיחַ נִיחוֹחֵיהֶם וַיַּסִּיכוּ שָׁם אֶת־נִסְכֵּיהֶם׃
וָאֹמַר אֲלֵהֶם מָה הַבָּמָה אֲשֶׁר־אַתֶּם הַבָּאִים שָׁם וַיִּקָּרֵא 29
שְׁמָהּ בָּמָה עַד הַיּוֹם הַזֶּה׃ לָכֵן אֱמֹר ׀ אֶל־בֵּית ל
יִשְׂרָאֵל כֹּה אָמַר אֲדֹנָי יְהוִה הַבְּדֶרֶךְ אֲבוֹתֵיכֶם אַתֶּם
נִטְמְאִים וְאַחֲרֵי שִׁקּוּצֵיהֶם אַתֶּם זֹנִים׃ וּבִשְׂאֵת מַתְּנֹתֵיכֶם 31
בְּהַעֲבִיר בְּנֵיכֶם בָּאֵשׁ אַתֶּם נִטְמְאִים לְכָל־גִּלּוּלֵיכֶם עַד־
הַיּוֹם וַאֲנִי אִדָּרֵשׁ לָכֶם בֵּית יִשְׂרָאֵל חַי־אָנִי נְאֻם אֲדֹנָי
יְהוִה אִם־אִדָּרֵשׁ לָכֶם׃ וְהָעֹלָה עַל־רוּחֲכֶם הָיוֹ לֹא 32
תִהְיֶה אֲשֶׁר ׀ אַתֶּם אֹמְרִים נִהְיֶה כַגּוֹיִם כְּמִשְׁפְּחוֹת
הָאֲרָצוֹת לְשָׁרֵת עֵץ וָאָבֶן׃ חַי־אָנִי נְאֻם אֲדֹנָי יְהוִה אִם־ 33
לֹא בְּיָד חֲזָקָה וּבִזְרוֹעַ נְטוּיָה וּבְחֵמָה שְׁפוּכָה אֶמְלוֹךְ
עֲלֵיכֶם׃ וְהוֹצֵאתִי אֶתְכֶם מִן־הָעַמִּים וְקִבַּצְתִּי אֶתְכֶם מִן־ 34
הָאֲרָצוֹת אֲשֶׁר נְפוֹצֹתֶם בָּם בְּיָד חֲזָקָה וּבִזְרוֹעַ נְטוּיָה
וּבְחֵמָה שְׁפוּכָה׃ וְהֵבֵאתִי אֶתְכֶם אֶל־מִדְבַּר הָעַמִּים לה
וְנִשְׁפַּטְתִּי אִתְּכֶם שָׁם פָּנִים אֶל־פָּנִים׃ כַּאֲשֶׁר נִשְׁפַּטְתִּי 36
אֶת־אֲבוֹתֵיכֶם בְּמִדְבַּר אֶרֶץ מִצְרָיִם כֵּן אִשָּׁפֵט אִתְּכֶם

23 איך האָב אויך אויפגעהויבען קעגען זייא מיינע האַנד אין דער מדבּר, כּדי זייא צו פערשפּרייטען צווישען דיא גוים, אונד זייא צו פערשפּרייטען אין דיא לענדער: 24 ווייל זייא האָבען ניט געטהון מיינע משפּטים, אונד זייא האָבען פערוואָרפען מיינע געזעץ, אונד זייא האָבען מחלל געוועזען מיינע שבּתים, אונד זייערע אויגען זענען געוועזען נאָך דיא אָפּגעטער פון זייערע אָבות: 25 דאָריבער האָב איך אויך צו זייא געגעבען געזעץ וואָס זענען ניט גוט געוועזען, אונד משפּטים דורך וועלכע זייא האָבען ניט געקענט לעבען: 26 אונד איך האָב זייא אויך מטמא געוועזען מיט זייערע אייגענע מתּנות, ווייל זייא האָבען געמאכט איבערפאָרען (דורך דעם פייער) אַלעם וואָס עפענט דעם מוטערלייב, כּדי איך זאָל זייא פערוויסטען, אונד כּדי זייא זאָלען וויסען אַז איך בּין דער האַר: 27 דארום, בּן־אָדם, רעד צו דעם הויזגעזינד פון ישׂראל, אונד דוא זאָלסט צו זייא זאָגען, אַזוֹי זאָגט דער האַר גאָט, נאָך אין דעם דאָזיגען האָבען מיך אייערע עלטערן געלעסטערט, ווייל זייא האָבען קעגען מיר געזינדיגט: 28 וואָרין ווען איך האָב זייא אַריינגעבּראַכט צו דעם לאַנד פאַר וועלכעס איך האָב אויפגעהויבען מיינע האַנד עס צו זייא צו געבּען, אַזוֹי האָבען זייא געזעהען איטליכען הויכען היגעל (באַרג) אונד איטליכען דיקען בּוים, אונד זייא האָבען דאָרט מקריב געוועזען זייערע זבחים, כּדי מיך דאָרט צו דערצאָרנען מיט זייערע קרבּנות, אונד זייא האָבען דאָרט אויך געטהון זייער ריח ניחח, אונד זייא האָבען דאָרט אויך אויסגעגאָסען זייערע נסכים: 29 אַזוֹי האָב איך צו זייא געזאָגט, וואָס איז דאָס פאַר אַ בּמה דאָס איהר קומט דאָרט אַהין? אונד דער נאָמען דערפון ווערט אָנגערופען בּמה בּיז צום היינטיגען טאָג: 30 דארום זאָג צו דעם הויזגעזינד פון ישׂראל, אַזוֹי זאָגט דער האַר גאָט, האָט איהר אייך מטמא געוועזען נאָך דעם שטייגער פון אייערע עלטערן? אונד נאָך זייערע אומווערדיגע מעשׂים האָט איהר אייך מזנה געוועזען? 31 אונד ווען איהר בּרענגט אייערע מתּנות, אונד איהר מאַכט דערמיט אייערע קינדער דורכפאָהרען דורך דעם פייער, אַזוֹי טהוט איהר אייך מטמא זיין מיט אַלע אייערע אָפּגעטער בּיז צום היינטיגען טאָג, אונד זאָל איך פון אייך אָנגעפרעגט ווערען, אָ הויזגעזינד פון ישׂראל? אַזוֹי וואָהר ווִיא איך לעבּ, זאָגט דער האַר גאָט, אוֹיבּ איך וועל פון אייך אָנגעפרעגט ווערען: 32 אונד דאָס וואָס געהט אויף אין אייערע געדאַנקען דאָס וועט גאָרניט זיין, אונד דאָס וואָס איהר זאָגט, מיר וועלען זיין אַזוֹי ווִיא דיא גוים, אַזוֹי ווִיא דיא משפּחות פון דיא לענדער, צו דינען האָלץ אונד שטיין: 33 אַזוֹי וואָהר ווִיא איך לעבּ, זאָגט דער האַר גאָט, אוֹיבּ איך וועל ניט איבּער זייא רעגירען מיט אַ שטאַרקע האַנד, אונד מיט איין אויסגעשטרעקטען אָרעם, אונד מיט אויסגעגאָסענעם גרימצאָרן: 34 אונד איך וועל אייך אַרויסבּרענגען פון דיא פעלקער, אונד איך וועל אייך זאַמעלן פון דיא לענדער וואָס איהר זענט צווישען זייא פערשפּרייט, מיט אַ שטאַרקע האַנד, אונד מיט איין אויסגעשטרעקטען אָרעם, אונד מיט אויסגעגאָסענעם גרימצאָרן: 35 אונד איך וועל אייך אַריינבּרענגען אין דיא מדבּר פון דיא פעלקער, אונד דאָרט וועל איך אייך משפּט'ן (אָדער שטראָפען) פּנים אל פּנים: 36 אַזוֹי ווִיא איך האָב געמשפּט (געשטראָפט) אייערע עלטערן אין דער מדבּר פון דעם לאַנד מצרים, גראַד אַזוֹי וועל איך אייך שטראָפען,

37 נְאֻם אֲדֹנָי יֱהוִה׃ וְהַעֲבַרְתִּי אֶתְכֶם תַּחַת הַשָּׁבֶט וְהֵבֵאתִי
38 אֶתְכֶם בְּמָסֹרֶת הַבְּרִית׃ וּבָרוֹתִי מִכֶּם הַמֹּרְדִים וְהַפּוֹשְׁעִים
בִּי מֵאֶרֶץ מְגוּרֵיהֶם אוֹצִיא אוֹתָם וְאֶל־אַדְמַת יִשְׂרָאֵל
39 לֹא יָבוֹא וִידַעְתֶּם כִּי־אֲנִי יְהוָה׃ וְאַתֶּם בֵּית־יִשְׂרָאֵל כֹּה־
אָמַר׀ אֲדֹנָי יֱהוִה אִישׁ גִּלּוּלָיו לְכוּ עֲבֹדוּ וְאַחַר אִם־אֵינְכֶם
שֹׁמְעִים אֵלָי וְאֶת־שֵׁם קָדְשִׁי לֹא תְחַלְּלוּ־עוֹד בְּמַתְּנוֹתֵיכֶם
מ וּבְגִלּוּלֵיכֶם׃ כִּי בְהַר־קָדְשִׁי בְּהַר׀ מְרוֹם יִשְׂרָאֵל נְאֻם
אֲדֹנָי יֱהוִה שָׁם יַעַבְדֻנִי כָּל־בֵּית יִשְׂרָאֵל כֻּלֹּה בָּאָרֶץ שָׁם
אֶרְצֵם וְשָׁם אֶדְרוֹשׁ אֶת־תְּרוּמֹתֵיכֶם וְאֶת־רֵאשִׁית
41 מַשְׂאוֹתֵיכֶם בְּכָל־קָדְשֵׁיכֶם׃ בְּרֵיחַ נִיחֹחַ אֶרְצֶה
אֶתְכֶם בְּהוֹצִיאִי אֶתְכֶם מִן־הָעַמִּים וְקִבַּצְתִּי אֶתְכֶם מִן־
הָאֲרָצוֹת אֲשֶׁר נְפֹצֹתֶם בָּם וְנִקְדַּשְׁתִּי בָכֶם לְעֵינֵי הַגּוֹיִם׃
42 וִידַעְתֶּם כִּי־אֲנִי יְהוָה בַּהֲבִיאִי אֶתְכֶם אֶל־אַדְמַת יִשְׂרָאֵל
אֶל־הָאָרֶץ אֲשֶׁר נָשָׂאתִי אֶת־יָדִי לָתֵת אוֹתָהּ לַאֲבוֹתֵיכֶם׃
43 וּזְכַרְתֶּם־שָׁם אֶת־דַּרְכֵיכֶם וְאֵת כָּל־עֲלִילוֹתֵיכֶם אֲשֶׁר
נִטְמֵאתֶם בָּם וּנְקֹטֹתֶם בִּפְנֵיכֶם בְּכָל־רָעוֹתֵיכֶם אֲשֶׁר
44 עֲשִׂיתֶם׃ וִידַעְתֶּם כִּי־אֲנִי יְהוָה בַּעֲשׂוֹתִי אִתְּכֶם לְמַעַן
שְׁמִי לֹא כְדַרְכֵיכֶם הָרָעִים וְכַעֲלִילוֹתֵיכֶם הַנִּשְׁחָתוֹת בֵּית
יִשְׂרָאֵל נְאֻם אֲדֹנָי יֱהוִה׃

# כא

כא

2 א וַיְהִי דְבַר־יְהוָה אֵלַי לֵאמֹר׃ בֶּן־אָדָם שִׂים פָּנֶיךָ דֶּרֶךְ
תֵּימָנָה וְהַטֵּף אֶל־דָּרוֹם וְהִנָּבֵא אֶל־יַעַר הַשָּׂדֶה נֶגֶב׃
3 וְאָמַרְתָּ לְיַעַר הַנֶּגֶב שְׁמַע דְּבַר־יְהוָה כֹּה־אָמַר אֲדֹנָי יֱהוִה
הִנְנִי מַצִּית־בְּךָ׀ אֵשׁ וְאָכְלָה בְךָ כָל־עֵץ־לַח וְכָל־עֵץ יָבֵשׁ
לֹא־תִכְבֶּה לַהֶבֶת שַׁלְהֶבֶת וְנִצְרְבוּ־בָהּ כָּל־פָּנִים מִנֶּגֶב
4 צָפוֹנָה׃ וְרָאוּ כָּל־בָּשָׂר כִּי אֲנִי יְהוָה בִּעַרְתִּיהָ לֹא תִּכְבֶּה׃
ה וָאֹמַר אֲהָהּ אֲדֹנָי יֱהוִה הֵמָּה אֹמְרִים לִי הֲלֹא מְמַשֵּׁל

זָאגְט דֶער הַאר גָאט׃ 37 אוּנְד אִיךְ וֶועל אֵייךְ אִיבֶּערְפִיהְרֶען אוּנְטֶער דֶער רוּט, אוּנְד אִיךְ וֶועל אֵייךְ אַרֵיינְבְּרֶענְגֶען אִין דֶעם כְּרִיתוּת הַבְּרִית׃ 38 אוּנְד אִיךְ וֶועל פוּן אֵייךְ אוֹיסְרוֹימֶען דִיא וָואס זֶענֶען מוֹרֵד אוּנְד זִינְדִיגֶען קֶעגֶען מִיר, פוּן דֶעם לַאנְד אַהְוָאוּ זֵייא הַאלְטֶען זִיךְ אוֹיף וֶועל אִיךְ זֵייא אַרוֹיסְבְּרֶענְגֶען, אָבֶּער קֵיין אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל זָאלֶען זֵייא נִיט אַרֵיינְקוּמֶען, אוּנְד אִיהְר וֶועט וִויסֶען אַז אִיךְ בִּין דֶער הַאר׃ 39 אָבֶּער וֶועגֶען אֵייךְ, אָ הוֹיז יִשְׂרָאֵל, אַזוֹיא זָאגְט דֶער הַאר גָאט, גֶעהְט אַהִין, דִינְט אִיטְלִיכֶער זֵיינֶע גֶעצֶען, אוּנְד דָאךְ נָאכְדֶעם וֶוען אִיהְר ווִילְט מִיר נִיט גֶעהָארְכֶען,—אָבֶּער אִיהְר זָאלְט נִיט מֶעהְר מְחַלֵּל זַיין מֵיין הֵיילִיגֶען נָאמֶען מִיט אֵיירֶע מַתָּנוֹת אוּנְד מִיט אֵיירֶע אָפְּגֶעטֶער׃ 40 וָוארִין אוֹיף מֵיין הֵיילִיגֶען בַּארְג,—דִיא הוֹיכֶע בֶּערְג פוּן יִשְׂרָאֵל—זָאגְט דֶער הַאר גָאט, דָארְט אִין דֶעם לַאנְד וֶועלֶען מִיר דָאס גַאנְצֶע הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן יִשְׂרָאֵל דִינֶען דָארְט וֶועל אִיךְ זֵייא בֶּעווִילִיגֶען, אוּנְד דָארְט וֶועל אִיךְ פֶערְלַאנְגֶען אֵיירֶע תְּרוּמוֹת, אוּנְד דָאס עֶרְשְׁטֶע פוּן אֵיירֶע פֵּירוֹת אִין אַלֶע אֵיירֶע הֵיילִיגְקֵייטֶען׃ 41 אִיךְ וֶועל אֵייךְ בֶּעווִילִיגֶען מִיט אַ נַחַת רוּחַ, וֶוען אִיךְ וֶועל אֵייךְ אַרוֹיסְבְּרֶענְגֶען פוּן דִיא פֶעלְקֶער, אוּנְד וֶוען אִיךְ וֶועל אֵייךְ זַאמֶעלְן פוּן דִיא לֶענְדֶער אַהְוָאוּ אִיהְר זֶענְט גֶעוֶועזֶען צוּשְׁפְּרֵייט, אוּנְד אִיךְ וֶועל אִין אֵייךְ גֶעהֵיילִיגְט וֶוערֶען, פָאר דִיא אוֹיגֶען פוּן דִיא פֶעלְקֶער׃ 42 אוּנְד אִיהְר וֶועט וִויסֶען אַז אִיךְ בִּין דֶער הַאר, וֶוען אִיךְ וֶועל אֵייךְ אַרֵיינְבְּרֶענְגֶען קֵיין אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל, צוּ דֶעם לַאנְד וָואס אִיךְ הָאבּ אוֹיפְגֶעהוֹיבֶען מֵיינֶע הַאנְד (צוּ שְׁוֶוערֶען) כְּדֵי עֶס צוּ גֶעבֶּען צוּ אֵיירֶע אָבוֹת׃ 43 אוּנְד דָארְט וֶועט אִיהְר גֶעדֶענְקֶען אָן אֵיירֶע וֶועגֶען, אוּנְד אַלֶע אֵיירֶע (בֵּייזֶע) מַעֲשִׂים מִיט וֶועלְכֶע אִיהְר הָאט אֵייךְ מְטַמֵּא גֶעוֶועזֶען, אוּנְד אִיהְר וֶועט אֵייךְ אַלֵיין פֶערְעֶקֶעלְן וֶועגֶען אַלֶע אֵיירֶע שְׁלֶעכְטֶע מַעֲשִׂים וָואס אִיהְר הָאט גֶעטְהוּן׃ 44 אוּנְד אִיהְר וֶועט וִויסֶען אַז אִיךְ בִּין דֶער הַאר, וֶוען אִיךְ וֶועל זָאלְכֶעס טְהוּן מִיט אֵייךְ פוּן מֵיין נָאמֶענְ'ס וֶועגֶען, עֶס אִיז נִיט אַזוֹי וִויא אֵיירֶע שְׁלֶעכְטֶע וֶועגֶען אוּנְד וִויא אֵיירֶע פֶערְדָארְבֶּענֶע מַעֲשִׂים, אָ הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן יִשְׂרָאֵל, זָאגְט דֶער הַאר גָאט׃

## קאַפּיטעל כא

1 אוּנְד דָאס וָוארְט פוּן דֶעם הַאר אִיז צוּ מִיר גֶעוֶועזֶען, אַזוֹי צוּ זָאגֶען׃ 2 בֶּן־אָדָם, טְהוּא דַיין פָּנִים אוֹיף דֶעם וֶועג קֵיין דָרוֹם־זֵייט, לָאז זַיין דַיין וָוארְט אוֹיף דָרוֹם־זֵייט, אוּנְד זָאג נְבִיאוֹת קֶעגֶען דֶעם וַואלְד פוּן דָרוֹם־זֵייט׃ 3 אוּנְד דוּא זָאלְסְט זָאגֶען צוּ וַואלְד פוּן דָרוֹם־זֵייט, הֶער דָאס וָוארְט פוּן גָאט, אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר גָאט, זֶעה אִיךְ וֶועל אִין דִיר אָנְצִינְדֶען אַ פֵייעֶר אוּנְד דָאס וֶועט אִין דִיר פֶערְבְּרֶענֶען אִיטְלִיכֶען פֵייכְטֶען בּוֹים, אוּנְד אִיטְלִיכֶען טְרִיקֶענֶעם בּוֹים, דִיא פֵייעֶר־פְלַאם וֶועט נִיט פֶערְלָאשֶׁען וֶוערֶען, נֵייעֶרְט אַלֶע זֵייטֶען פוּן דָרוֹם בִּיז צָפוֹן זָאל אִין אִיהְר פֶערְבְּרֶענְט וֶוערֶען׃ 4 אוּנְד אַלֶעס פְלֵיישׁ (אַלֶע מֶענְשֶׁען) זָאלֶען עֶס זֶעהֶען אַז אִיךְ דֶער הַאר הָאבּ עֶס אָנְגֶעצִינְדֶען עֶס זָאל נִיט פֶערְלָאשֶׁען וֶוערֶען׃ 5 אַזוֹי הָאבּ אִיךְ גֶעזָאגְט,—אָ, הַאר גָאט! זֵייא זָאגֶען צוּ מִיר, רֶעט עֶר נִיט מִיט

מיט מְשָׁלִים? 6 אוּנד דָאס וָוארְט פוּן
דעם האר איז צוּ מיר געוועזען, אזוֹי צוּ
זָאגען: 7 בֶּן אָדָם, טהוּא דיין פָּנִים קעגען
יְרוּשָׁלַיִם, אוּנד לָאז דיין וָוארְט זיין קעגען
דיא (ביידע) מִקְדָּשִׁים, אוּנד זָאג נְבִיאוֹת
קעגען אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל: 8 אוּנד דוּא זָאלְסְט
זָאגען צוּ אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל, אזוֹי זָאגְט דער
האר, זעה, איך בין קעגען דיר, אוּנד איך
וועל ארויסציהען מיין שְׁווערְד פוּן איהרע
שייד, אוּנד איך וועל פוּן דיר פערטילגען
דעם צַדִיק מיט דעם רָשָׁע: 9 ווייל איך
וועל פוּן דיר פערטילגען דעם צַדִיק אוּנד
דעם רָשָׁע, דארוּם וועט מיין שְׁווערְד
ארויסגעהן פוּן איהרע שייד קעגען אלעם
פלייש פוּן דָרוֹם ביז צָפוֹן־זייט: 10 אוּנד
אלע וועלען וויסען דאס איך דער האר
האב ארויסגעצויגען מיין שְׁווערְד פוּן
איהרע שייד, אוּנד עס זאל ניט מעהר
צוּריקקעהרען: 11 אבער דוּא בֶּן־אָדָם,
זיפץ! וועגען צוּבראכענע לענדען אוּנד
וועגען ביטערקייט זָאלסט דוּא זיפצען
פאר זייערע אויגען; 12 אוּנד עס וועט
זיין, ווען זייא וועלען צוּ דיר זָאגען, פאר־
וואס טהוּסט דוּא זיפצען? אזוֹי זָאלסט דוּא
זָאגען, וועגען דער (שְׁמוּעָה) נאכריכט וואס איז אנגעקוּמען, אוּנד איטליכעס הארץ
וועט צוּשמאלצען ווערען, אוּנד אלע הענד וועלען שלאף ווערען, אוּנד איטליכעס
געמיטה וועט פערשמאכטען, אוּנד אלע קניען וועלען צוּגעהן אזוֹי וויא וואסער, זעה,
עס קוּמט אן, אוּנד עס וועט זיין, זָאגט דער האר גאט: 13 אוּנד דָאס וָוארְט פוּן דעם
האר איז צוּ מיר געוועזען, אזוֹי צוּ זָאגען: 14 בֶּן־אָדָם, זָאג נְבִיאוֹת, אוּנד דוּא זָאלסט
זָאגען, אזוֹי זָאגט דער האר גאט; זָאג, א שְׁווערד, א שְׁווערד! עס וועט געשארפט
ווערען אוּנד עס וועט אויך בלינקען: 15 כְּדֵי עס זאל געווים שעכטען איז עס שארף
געמאכט, אוּנד כְּדֵי עס זאל בלינקען איז עס גלאט געמאכט געווארען; אָדער זאלען
מיר זיך פרייען, עס איז דיא רוּט פוּן מיין זוּהן וואס פעראכטעט איטליכען בוֹים:
16 אוּנד ער האט עס געגעבען זיא גלאט צוּ מאכען כְּדֵי זיא (בעסער) אנצוּנעמען
מיט דער האנד, עס איז א שארפעס שווערד אוּנד גלאט כְּדֵי זיא זאל געגעבען ווערען
אין דיא האנד פוּן דעם וואס טהוּט הרגענען: 17 שרייא אוּנד קלאג, בֶּן־אָדָם! וואריך
עס וועט זיין איבער מיין פאלק, אוּנד איבער אלע פירשטען פוּן יִשְׂרָאֵל, דיא וואס
האבען מוֹרָא פאר דעם שווערד זענען געוועזען צווישען מיין פאלק, דאריבער קלאפ
אויף דיינע לענדען: 18 וואריך עס איז געפריפט, אבער וואס, ווען דיא רוּט וועט
אויך ניט מעהר פעראכטעט זיין? זָאגט דער האר גאט: 19 אבער דוּא בֶּן־אָדָם, זָאג
נְבִיאוֹת, אוּנד קלאפ מיט דיא הענד, וואריך דאס שווערד וועט פערדארבען ווערען,
יאָ, עס וועט זיין א דרייפאכעס שווערד, עס איז א שווערד וואס דערשלאגט דיא
גרויסע, עס וועט צוּ זייערע חֲדָרִים אריינקוּמען: 20 כְּדֵי דאס הארץ צוּ צערשמעלצען,
אוּנד דיא שטרויכלוּנג צוּ פערמעהרען, איבער אלע זייערע טויערן האב איך געלאזט
שעכטען מיט דעם שווערד, אָ, עס איז שוין גלענציג געמאכט, אוּנד עס איז איינגע־
וויקעלט צוּ שעכטען: 21 פעראייניג דיך, געה ענטוועדער צוּר רעכטען אדער מאך
דיר צוּר לינקען־זייט, אַהִין אוּוואוּ דיין פָּנִים איז אנגעבריייט: 22 אוּנד איך וועל אויך
שלאגען איינע האנד צוּ דיא אנדערע, אוּנד איך וועל אפלאזען מיין גרימצארן, איך
דער האר האב עס גערעט: 23 אוּנד דאס וואָרט פוּן דעם האר איז צוּ מיר

מְשָׁלִים הוּא׃ וַיְהִי דְבַר־יְהוָה אֵלַי לֵאמֹר׃ בֶּן 6 7
אָדָם שִׂים פָּנֶיךָ אֶל־יְרוּשָׁלִַם וְהַטֵּף אֶל־מִקְדָּשִׁים וְהִנָּבֵא
אֶל־אַדְמַת יִשְׂרָאֵל׃ וְאָמַרְתָּ לְאַדְמַת יִשְׂרָאֵל כֹּה אָמַר 8
יְהוָה הִנְנִי אֵלַיִךְ וְהוֹצֵאתִי חַרְבִּי מִתַּעְרָהּ וְהִכְרַתִּי מִמֵּךְ
צַדִּיק וְרָשָׁע׃ יַעַן אֲשֶׁר־הִכְרַתִּי מִמֵּךְ צַדִּיק וְרָשָׁע לָכֵן 9
תֵּצֵא חַרְבִּי מִתַּעְרָהּ אֶל־כָּל־בָּשָׂר מִנֶּגֶב צָפוֹן׃ וְיָדְעוּ י
כָּל־בָּשָׂר כִּי אֲנִי יְהוָה הוֹצֵאתִי חַרְבִּי מִתַּעְרָהּ לֹא תָשׁוּב
עוֹד׃ וְאַתָּה בֶן־אָדָם הֵאָנַח בְּשִׁבְרוֹן מָתְנַיִם 11
וּבִמְרִירוּת תֵּאָנַח לְעֵינֵיהֶם׃ וְהָיָה כִּי־יֹאמְרוּ אֵלֶיךָ עַל־ 12
מָה אַתָּה נֶאֱנָח וְאָמַרְתָּ אֶל־שְׁמוּעָה כִי־בָאָה וְנָמֵס כָּל־
לֵב וְרָפוּ כָל־יָדַיִם וְכִהֲתָה כָל־רוּחַ וְכָל־בִּרְכַּיִם תֵּלַכְנָה
מַּיִם הִנֵּה בָאָה וְנִהְיָתָה נְאֻם אֲדֹנָי יְהוִה׃ וַיְהִי 13
דְבַר־יְהוָה אֵלַי לֵאמֹר׃ בֶּן־אָדָם הִנָּבֵא וְאָמַרְתָּ כֹּה אָמַר 14
אֲדֹנָי אֱמֹר חֶרֶב חֶרֶב הוּחַדָּה וְגַם־מְרוּטָה׃ לְמַעַן טְבֹחַ טו
טֶבַח הוּחַדָּה לְמַעַן־הֱיֵה־לָהּ בָּרָק מֹרָטָּה אוֹ נָשִׂישׂ שֵׁבֶט
בְּנִי מֹאֶסֶת כָּל־עֵץ׃ וַיִּתֵּן אֹתָהּ לְמָרְטָה לִתְפֹּשׂ בַּכָּף 16
הִיא־הוּחַדָּה חֶרֶב וְהִיא מֹרָטָּה לָתֵת אוֹתָהּ בְּיַד־הוֹרֵג׃
זְעַק וְהֵילֵל בֶּן־אָדָם כִּי־הִיא הָיְתָה בְעַמִּי הִיא בְּכָל־ 17
נְשִׂיאֵי יִשְׂרָאֵל מְגוּרֵי אֶל־חֶרֶב הָיוּ אֶת־עַמִּי לָכֵן סְפֹק
אֶל־יָרֵךְ׃ כִּי בֹחַן וּמָה אִם־גַּם־שֵׁבֶט מֹאֶסֶת לֹא יִהְיֶה 18
נְאֻם אֲדֹנָי יְהוִה׃ וְאַתָּה בֶן־אָדָם הִנָּבֵא וְהַךְ כַּף 19
אֶל־כָּף וְתִכָּפֵל חֶרֶב שְׁלִישִׁתָה חֶרֶב חֲלָלִים הִיא חֶרֶב
חָלָל הַגָּדוֹל הַחֹדֶרֶת לָהֶם׃ לְמַעַן ׀ לָמוּג לֵב וְהַרְבֵּה כ
הַמִּכְשֹׁלִים עַל כָּל־שַׁעֲרֵיהֶם נָתַתִּי אִבְחַת־חָרֶב אָח
עֲשׂוּיָה לְבָרָק מְעֻטָּה לְטָבַח׃ הִתְאַחֲדִי הֵימִנִי הָשִׂימִי 21
הַשְׂמִילִי אָנָה פָּנַיִךְ מֻעָדוֹת׃ וְגַם־אֲנִי אַכֶּה כַפִּי אֶל־כַּפִּי 22
וַהֲנִחֹתִי חֲמָתִי אֲנִי יְהוָה דִּבַּרְתִּי׃ וַיְהִי דְבַר־יְהוָה 23

24 אֵלַי לֵאמֹר: וְאַתָּה בֶן־אָדָם שִׂים־לְךָ ׀ שְׁנַיִם דְּרָכִים
לָבוֹא חֶרֶב מֶלֶךְ־בָּבֶל מֵאֶרֶץ אֶחָד יֵצְאוּ שְׁנֵיהֶם וְיָד בָּרֵא
כה בְּרֹאשׁ דֶּרֶךְ־עִיר בָּרֵא: דֶּרֶךְ תָּשִׂים לָבוֹא חֶרֶב אֵת
26 רַבַּת בְּנֵי־עַמּוֹן וְאֶת־יְהוּדָה בִירוּשָׁלִַם בְּצוּרָה: כִּי־עָמַד
מֶלֶךְ־בָּבֶל אֶל־אֵם הַדֶּרֶךְ בְּרֹאשׁ שְׁנֵי הַדְּרָכִים לִקְסָם־
27 קָסֶם קִלְקַל בַּחִצִּים שָׁאַל בַּתְּרָפִים רָאָה בַּכָּבֵד: בִּימִינוֹ
הָיָה ׀ הַקֶּסֶם יְרוּשָׁלִַם לָשׂוּם כָּרִים לִפְתֹּחַ פֶּה בְּרֶצַח
לְהָרִים קוֹל בִּתְרוּעָה לָשׂוּם כָּרִים עַל־שְׁעָרִים לִשְׁפֹּךְ
28 סֹלְלָה לִבְנוֹת דָּיֵק: וְהָיָה לָהֶם כִּקְסָום־שָׁוְא בְּעֵינֵיהֶם
שְׁבֻעֵי שְׁבֻעוֹת לָהֶם וְהוּא־מַזְכִּיר עָוֺן לְהִתָּפֵשׂ:
29 לָכֵן כֹּה־אָמַר אֲדֹנָי יֱהוִֹה יַעַן הַזְכַּרְכֶם עֲוֺנְכֶם בְּהִגָּלוֹת
פִּשְׁעֵיכֶם לְהֵרָאוֹת חַטֹּאותֵיכֶם בְּכֹל עֲלִילוֹתֵיכֶם יַעַן
ל הִזָּכֶרְכֶם בַּכַּף תִּתָּפֵשׂוּ: וְאַתָּה חָלָל רָשָׁע נְשִׂיא
31 יִשְׂרָאֵל אֲשֶׁר־בָּא יוֹמוֹ בְּעֵת עֲוֺן קֵץ: כֹּה אָמַר
אֲדֹנָי יֱהוִֹה הָסִיר הַמִּצְנֶפֶת וְהָרִים הָעֲטָרָה זֹאת לֹא־זֹאת
32 הַשָּׁפָלָה הַגְבֵּהַ וְהַגָּבֹהַ הַשְׁפִּיל: עַוָּה עַוָּה עַוָּה אֲשִׂימֶנָּה
גַּם־זֹאת לֹא הָיָה עַד־בֹּא אֲשֶׁר־לוֹ הַמִּשְׁפָּט וּנְתַתִּיו:
33 וְאַתָּה בֶן־אָדָם הִנָּבֵא וְאָמַרְתָּ כֹּה אָמַר אֲדֹנָי יֱהוִֹה אֶל־
בְּנֵי עַמּוֹן וְאֶל־חֶרְפָּתָם וְאָמַרְתָּ חֶרֶב חֶרֶב פְּתוּחָה לְטֶבַח
34 מְרוּטָה לְהָכִיל לְמַעַן בָּרָק: בַּחֲזוֹת לָךְ שָׁוְא בִּקְסָם־
לָךְ כָּזָב לָתֵת אוֹתָךְ אֶל־צַוְּארֵי חַלְלֵי רְשָׁעִים אֲשֶׁר־בָּא
לה יוֹמָם בְּעֵת עֲוֺן קֵץ: הָשַׁב אֶל־תַּעְרָהּ בִּמְקוֹם אֲשֶׁר־
36 נִבְרֵאת בְּאֶרֶץ מְכֻרוֹתַיִךְ אֶשְׁפֹּט אֹתָךְ: וְשָׁפַכְתִּי עָלַיִךְ
זַעְמִי בְּאֵשׁ עֶבְרָתִי אָפִיחַ עָלָיִךְ וּנְתַתִּיךְ בְּיַד אֲנָשִׁים
37 בֹּעֲרִים חָרָשֵׁי מַשְׁחִית: לָאֵשׁ תִּהְיֶה לְאָכְלָה דָּמֵךְ יִהְיֶה
בְּתוֹךְ הָאָרֶץ לֹא תִזָּכֵרִי כִּי אֲנִי יְהוָה דִּבַּרְתִּי:

בעוועזען, אַזוֹי צוּ זָאגען: 24 אוּנד דוּא בֶּן־אָדָם, מַאך דיר צְווייא וועגען כְּדֵי דָאס שְׁווערד פוּן דעם מֶלֶךְ פוּן בָּבֶל זָאל קוּמֶען, פוּן איין לַאנד זָאלען בֵּיידֶע (וועגען) אַרוּיסְגֶעהְן, רוּים דיר אוּים איין אָרט אָן דער שְׁפִּיץ, אִין דֶעם וועג פוּן דֶער שְׁטָאט רוּם דיר אוּים איין אָרט: 25 דוּא זָאלסְט מַאכֶען אַ וועג כְּדֵי דָאס שְׁווערד זָאל קוּמֶען קֵיין רַבַּת פוּן דיא בְּנֵי־עַמּוֹן, אוּנד צוּ יְהוּדָה קֵיין יְרוּשָׁלַיִם דיא פֶעסְטֶע שְׁטָאט: 26 וָוארין דֶער מֶלֶךְ פוּן בָּבֶל איז גֶעשְׁטַאנֶען אוֹיף דֶעם וועג וָואס שֵׁייד זִיךְ אָפּ, אָן דער שְׁפִּיץ פוּן דיא צְווייא וועגען, אַז עֶר זָאל זִיךְ לָאזֶען זָאגֶען דוּרךְ כִּישׁוּף, עֶר הָאט דיא פַיילֶען לֵייכְט גֶעמַאכְט, עֶר הָאט אָנְגֶע־פְרֶעגְט דוּרךְ דיא גֶעצֶענְבִּילְדֶער, עֶר הָאט אָנְגֶעזֶעהֶען דיא לֶעבֶּער: 27 אִין זַיינֶע רֶעכְטֶע הַאנד אִיז גֶעוועזֶען דָאס כִּישׁוּף פוּן יְרוּשָׁלַיִם כְּדֵי קַאנָאנֶען אָנְצוּשְׁטֶעלֶען, אוּנד דָאס מוֹיל אוֹיפְצוּמַאכֶען מִיט רְצִיחָה, אוּנד דָאס קוֹל אוֹיפְצוּהֶעבֶען מִיט שַׁא־לוּנְג, אוּנד קַאנָאנֶען אוֹיפְצוּשְׁטֶעלֶען בֵּייא דיא טוֹיעֶרְן, אוּנד אוֹיפְצוּשִׁיטֶען אַ שַׁאנְץ אוּנד צוּ בּוֹיעֶן אַ טְהוּרֶעם: 28 אוּנד דָאס וועט צוּ זֵייא זֵיין אִין זֵיירֶע אוֹיגֶען פַאלְשֶׁעס כִּישׁוּף, (צוּ דיא) וָואס הָאבֶען צוּ זֵייא גֶעשְׁווָאוֹירֶען מִיט שְׁבוּעוֹת, אוּנד עֶר וועט גֶעדֶענְקֶען דיא זִינְד כְּדֵי זֵייא זָאלֶען גֶעחַאפְּט ווערֶען: 29 דָארוּם, אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר גָאט, ווייל אִיהְר הָאט גֶעמַאכְט גֶעדֶענְקֶען אֵייעֶרע אוּנְגֶערֶעכְטִיגְקֵייטֶען, אוּנד אֵייעֶרע זִינְד אִיז אַנְטְפְּלֶעקְט גֶעוָוארֶען אַז אֵייעֶרע זִינְד זָאל גֶעזֶעהֶען ווערֶען דוּרךְ אַלֶע אֵייעֶרע שְׁלֶעכְטֶע מַעֲשִׂים, דָארוּם ווייל אִיהְר דֶערְמַאנְט ווערֶען אוּנד אִיהְר וועט אִין דֶער הַאנד גֶעחַאפְּט ווערֶען: 30 אוּנד דוּא אוּנְהֵיילִיגֶער רָשָׁע, דוּא נָשִׂיא פוּן יִשְׂרָאֵל, דֵיין טָאג אִיז אָנְגֶעקוּמֶען, אִין דֶער צֵייט ווען דיא זִינְד הָאט אַיין עֶנְד: 31 אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר גָאט, טְהוּט אָפּ דֶעם הוּט, אוּנד נֶעם אַרוּפּ דיא קְרוֹין, דָאס וועט נִיט זֵיין דָאס דָאזִיגֶע, דֶערְהֶעבּ דֶעם וָואס אִיז נִידֶערִיג, אוּנד מַאךְ נִידֶערִיג דֶעם וָואס אִיז הוֹיךְ: 32 אִיךְ וועל מַאכֶען פֶערְווִיסְט! פֶערְווִיסְט! פֶערְווִיסְט! אוּנד דָאס וועט אוֹיךְ נִיט זֵיין, בִּיז דֶער וועט קוּמֶען וועמֶעס רֶעכְט עֶס אִיז, אוּנד אִיךְ וועל עֶס אִיהם גֶעבֶּען: 33 אָבֶּער דוּא, בֶּן־אָדָם, זָאג נְבִיאוֹת, אוּנד דוּא זָאלְסְט זָאגֶען, אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר גָאט צוּ דיא בְּנֵי־עַמּוֹן אוּנד וועגֶען זֵיירֶע שַׁאנְד, אוּנד דוּא זָאלְסְט זָאגֶען, דָאס שְׁווערד, דָאס שְׁווערד אִיז אוֹיפְגֶעמַאכְט, צוּם שֶׁעכְטֶען אִיז עֶס אוֹיסְגֶעגְלַאט, צוּ פֶערְלֶענְדֶען ווייל עֶס גְלַאנְצְט: 34 ווייל דוּא הָאסְט דיר גֶע־לָאזְט פַאלְשׁ נְבִיאוֹת זָאגֶען, אוּנד הָאסְט דיר גֶעלָאזְט דוּרךְ כִּישׁוּף לִיגֶען זָאגֶען, דִיךְ צוּ אִיבֶּערְצוּגֶעבֶּען אוֹיף דיא הֶעלְזֶער פוּן דיא דֶערְשְׁלָאגֶענֶע רְשָׁעִים, וָואס זֵייעֶר טָאג אִיז אָנְגֶעקוּמֶען, אִין דֶער צֵייט ווען זֵייעֶרע זִינְד וועט הָאבֶען אַיין עֶנְד: 35 זָאל אִיךְ לָאזֶען צוּרִיקְקֶעהְרֶען (דָאס שְׁווערד) אִין אִיהְרֶע שֵׁייד? אִין דֶעם אָרְט ווָאוּ דוּא בִּיזְט בֶּעשַׁאפֶען גֶעוָוארֶען, וועל אִיךְ דִיךְ מִשְׁפָּט'ן: 36 אוּנד אִיךְ וועל אִיבֶּער דִיר אוֹיסְגִיסֶען מֵיין גְרִימְצָארְן, מִיט דֶעם פֵייעֶר פוּן מֵיין גְרִימְצָארְן וועל אִיךְ אוֹיף דִיר בְּלָאזֶען, אוּנד אִיךְ וועל דִיךְ אִיבֶּערְגֶעבֶּען אִין דיא הֶענְד פוּן דיא נַארִישֶׁע מֶענְשֶׁען, וָואס זֶענֶען קִינְסְטְלֶער צוּ פֶערְדַארְבֶּען: 37 דוּא וועסְט זֵיין פַאר דֶעם פֵייעֶר צוּם פֶערְבְּרֶענֶען, אוּנד דֵיין בְּלוּט וועט זֵיין אִין דֶער מִיטֶען פוּן דֶעם לַאנד, אוּנד דוּא וועסְט נִיט מֶעהְר דֶערְמַאנְט ווערֶען, וָוארִין אִיךְ, דֶער הַאר, הָאבּ עֶס גֶערֶעדְט:

כב

ויהי דבר־יהוה אלי לאמר: ואתה בן־אדם התשפט א 2
התשפט את־עיר הדמים והודעתה את כל־תועבתיה:
ואמרת כה אמר אדני יהוה עיר שפכת דם בתוכה 3
לבוא עתה ועשתה גלולים עליה לטמאה: בדמך אשר־ 4
שפכת אשמת ובגלוליך אשר־עשית טמאת ותקריבי
ימיך ותבוא עד־שנותיך על־כן נתתיך חרפה לגוים
וקלסה לכל־הארצות: הקרבות והרחקות ממך יתקלסו־ ה
בך טמאת השם רבת המהומה: הנה נשיאי ישראל 6
איש לזרעו היו בך למען שפך־דם: אב ואם הקלו בך 7
לגר עשו בעשק בתוכך יתום ואלמנה הונו בך: קדשי 8
בזית ואת־שבתתי חללת: אנשי רכיל היו בך למען 9
שפך־דם ואל־ההרים אכלו בך זמה עשו בתוכך: ערות־ י
אב גלה־בך טמאת הנדה ענו־בך: ואיש | את־אשת 11
רעהו עשה תועבה ואיש את־כלתו טמא בזמה ואיש
את־אחתו בת־אביו ענה־בך: שחד לקחו־בך למען 12
שפך־דם נשך ותרבית לקחת ותבצעי רעיך בעשק ואתי
שכחת נאם אדני יהוה: והנה הכיתי כפי אל־בצעך 13
אשר עשית ועל־דמך אשר היו בתוכך: היעמד לבך 14
אם־תחזקנה ידיך לימים אשר אני עשה אותך אני
יהוה דברתי ועשיתי: והפיצותי אותך בגוים וזריתיך טו
בארצות והתמתי טמאתך ממך: ונחלת בך לעיני גוים 16
וידעת כי־אני יהוה: ויהי דבר־יהוה אלי לאמר: 17
בן־אדם היו־לי בית־ישראל לסוג כלם נחשת ובדיל 18
וברזל ועופרת בתוך כור סגים כסף היו: לכן כה 19
אמר אדני יהוה יען היות כלכם לסגים לכן הנני קבץ
אתכם אל־תוך ירושלם: קבצת כסף ונחשת וברזל כ

## קאפיטעל כב

1 אונד דאס ווארט פון דעם האר איז צו
מיר געוועזען, אזוי צו זאגען: 2 אונד
דוא בן־אדם, ווילסט דוא משפט׳ן, ווילסט
דוא משפט׳ן דיא בלוטיגע שטאט? יוא,
דוא זאלסט איהר לאזען וויסען אלע
איהרע אומווערדיגע מעשים: 3 אונד
דוא זאלסט זאגען, אזוי זאגט דער האר
גאט, דיא שטאט וואס מען פערגיסט אין
איהר בלוט, איהרע צייט וועט קומען,
אונד וואס מאכט זיך געצען־בילדער
כדי זיך דערמיט מטמא צו זיין: 4 מיט
דיין בלוט וואס דוא האסט פערגאסען
האסט דוא דיך פערשולדיגט, אונד מיט
דיינע געצען־בילדער וואס דוא האסט
דיר געמאכט האסט דוא דיך מטמא
געוועזען, אונד דוא האסט געמאכט
גענעהענען דיינע טעג, אונד דוא ביזט
אנגעקומען ביז דיינע יאהרען, דארום
האב איך דיך געמאכט פאר א חרפה צו
דיא גוים, אונד פאר א שפאט צו אלע
לענדער: 5 דיא וואס זענען נאהענט,
אונד דיא וואס זענען וייט פון דיר וועלען
איבער דיר שפאטען, דוא האסט טמא
געמאכט דעם נאמען, עס איז א גרויסע פערטומלונג: 6 זעה, דיא נשיאים פון ישראל,
איטליכער איז מיט זיין שטארקען ארעם אין דיר געוועזען כדי בלוט צו פערגיסען:
7 זייא האבען אין דיר פעראכטעט פאטער אונד מוטער, צווישען דיר האבען זייא
אונטערדריקט דעם גר, דעם יתום, אונד דיא אלמנה גענארען זייא אין דיר: 8 מיינע
הייליגטימער האסט דוא מבזה געוועזען, אונד מיינע שבתים האסט דוא מחלל געוועז־
זען: 9 צווישען דיר זענען לייט וואס זאגען רכילות, כדי בלוט צו פערגיסען, אונד
צווישען דיר עסט מען אויף דיא בערג, זייא טהון שענדליכעם צווישען דיר: 10 דיא
שאנד פון דעם פאטער טהוט מען צווישען דיר אנטפלעקען, אונד דיא וואס איז טמא
מחמת נדה, פייניגט מען צווישען דיר: 11 אונד איטליכער טהוט אומווערדיגע מעשים
מיט זיין חבר׳ס ווייב, אונד איטליכער איז זיינע שנור מטמא מיט זנות, אונד איטליכער
צווישען דיר פייניגט זיינע שוועסטער, דיא טאכטער פון זיין פאטער: 12 מען נעמט צווי־
שען דיר שחד, כדי בלוט צו פערגיסען, דוא האסט גענומען צינזען אונד רווחים, אונד
דוא ביזט גייציג געוועזען איבער דיין חבר אונד דוא האסט איהם בעגזלת, אבער מיך
האסט דוא פערגעסען, זאגט דער האר גאט: 13 זעה, דארום האב איך געקלאפט מיינע
הענד וועגען דיין גייציגען געווין וואס דוא האסט געטהון, אונד וועגען דעם בלוט וואס
איז צווישען דיר געוועזען: 14 וועט דען דיין הארץ בעשטעהן קענען, אדער קענען
דיינע הענד געשטארקט ווערען אין דעם טאג וואס איך וועל מיט דיר האנדעלן? איך דער
האר האב דאס גערעט, אונד איך וועל עס אויך טהון: 15 אונד איך וועל דיך פערשפריי־
טען אונטער דיא גוים, אונד איך וועל דיך צושטרייען אין דיא לענדער, אונד איך וועל
דערמיט א סוף מאכען מיט דיינע טומאה פון (צווישען) דיר: 16 אונד דוא וועסט דיך
אליין מחלל זיין פאר דיא אויגען פון דיא גוים, אונד דוא וועסט דערקענען אז איך בין
דער האר: 17 אונד דאס ווארט פון דעם האר איז צו מיר געוועזען, אזוי צו זאגען:
18 בן־אדם, דאס הויזגעזינד פון ישראל איז צו מיר געווארען וויא פסולת, זייא זענען אלע
וויא קופער, אונד אייזען אונד בלייא אין דער מיטען פון א שמעלץ־אויפען, זייא זענען
געווארען וויא פסולת פון זילבער: 19 דארום, אזוי זאגט דער האר גאט, ווייל איהר
זענט אלע געווארען וויא פסולת, דארום זעה, איך וועל אייך זאמעלן אין דער
מיטען פון ירושלים: 20 אזוי וויא מען זאמעלט זילבער, אונד קופער, אונד אייזען,
אונד

וְעוֹפֶרֶת וּבְדִיל אֶל־תּוֹךְ כּוּר לָפַחַת־עָלָיו אֵשׁ לְהַנְתִּיךְ
21 כֵּן אֶקְבֹּץ בְּאַפִּי וּבַחֲמָתִי וְהִנַּחְתִּי וְהִתַּכְתִּי אֶתְכֶם׃ וְכִנַּסְתִּי
אֶתְכֶם וְנָפַחְתִּי עֲלֵיכֶם בְּאֵשׁ עֶבְרָתִי וְנִתַּכְתֶּם בְּתוֹכָהּ׃
22 כְּהִתּוּךְ כֶּסֶף בְּתוֹךְ כּוּר כֵּן תֻּתְּכוּ בְּתוֹכָהּ וִידַעְתֶּם כִּי־
23 אֲנִי יְהוָה שָׁפַכְתִּי חֲמָתִי עֲלֵיכֶם׃ וַיְהִי דְבַר־יְהוָה
24 אֵלַי לֵאמֹר׃ בֶּן־אָדָם אֱמָר־לָהּ אַתְּ אֶרֶץ לֹא מְטֹהָרָה
כה הִיא לֹא גֻשְׁמָהּ בְּיוֹם זָעַם׃ קֶשֶׁר נְבִיאֶיהָ בְּתוֹכָהּ כַּאֲרִי
שׁוֹאֵג טֹרֵף טָרֶף נֶפֶשׁ אָכָלוּ חֹסֶן וִיקָר יִקָּחוּ אַלְמְנוֹתֶיהָ
26 הִרְבּוּ בְתוֹכָהּ׃ כֹּהֲנֶיהָ חָמְסוּ תוֹרָתִי וַיְחַלְּלוּ קָדָשַׁי בֵּין־
קֹדֶשׁ לְחֹל לֹא הִבְדִּילוּ וּבֵין־הַטָּמֵא לְטָהוֹר לֹא הוֹדִיעוּ
27 וּמִשַּׁבְּתוֹתַי הֶעְלִימוּ עֵינֵיהֶם וָאֵחַל בְּתוֹכָם׃ שָׂרֶיהָ בְקִרְבָּהּ
כִּזְאֵבִים טֹרְפֵי טָרֶף לִשְׁפָּךְ־דָּם לְאַבֵּד נְפָשׁוֹת לְמַעַן
28 בְּצֹעַ בָּצַע׃ וּנְבִיאֶיהָ טָחוּ לָהֶם תָּפֵל חֹזִים שָׁוְא וְקֹסְמִים
לָהֶם כָּזָב אֹמְרִים כֹּה אָמַר אֲדֹנָי יְהוִה וַיהוָה לֹא דִבֵּר׃
29 עַם הָאָרֶץ עָשְׁקוּ עֹשֶׁק וְגָזְלוּ גָּזֵל וְעָנִי וְאֶבְיוֹן הוֹנוּ וְאֶת־
ל הַגֵּר עָשְׁקוּ בְּלֹא מִשְׁפָּט׃ וָאֲבַקֵּשׁ מֵהֶם אִישׁ גֹּדֵר־גָּדֵר
וְעֹמֵד בַּפֶּרֶץ לְפָנַי בְּעַד הָאָרֶץ לְבִלְתִּי שַׁחֲתָהּ וְלֹא מָצָאתִי׃
31 וָאֶשְׁפֹּךְ עֲלֵיהֶם זַעְמִי בְּאֵשׁ עֶבְרָתִי כִּלִּיתִים דַּרְכָּם בְּרֹאשָׁם
נָתַתִּי נְאֻם אֲדֹנָי יְהוִה׃

## כג כג

2 א וַיְהִי דְבַר־יְהוָה אֵלַי לֵאמֹר׃ בֶּן־אָדָם שְׁתַּיִם נָשִׁים בְּנוֹת
3 אֵם־אַחַת הָיוּ׃ וַתִּזְנֶינָה בְמִצְרַיִם בִּנְעוּרֵיהֶן זָנוּ שָׁמָּה
4 מֹעֲכוּ שְׁדֵיהֶן וְשָׁם עִשּׂוּ דַּדֵּי בְּתוּלֵיהֶן׃ וּשְׁמוֹתָן אָהֳלָה
הַגְּדוֹלָה וְאָהֳלִיבָה אֲחוֹתָהּ וַתִּהְיֶינָה לִי וַתֵּלַדְנָה בָּנִים
ה וּבָנוֹת וּשְׁמוֹתָן שֹׁמְרוֹן אָהֳלָה וִירוּשָׁלִַם אָהֳלִיבָה׃ וַתִּזֶן
אָהֳלָה תַּחְתָּי וַתַּעְגַּב עַל־מְאַהֲבֶיהָ אֶל־אַשּׁוּר קְרוֹבִים׃
6 לְבֻשֵׁי תְכֵלֶת פַּחוֹת וּסְגָנִים בַּחוּרֵי חֶמֶד כֻּלָּם פָּרָשִׁים

אוּנְד בְּלֵייא אוּנְד צִין אִין דֶער מִיטֶען פוּן אַ שְׁמֶעלְץ־אוֹיפֶען, דַארוֹיף צוּ בְּלָאזֶען מִיט פֵייעֶר כְּדֵי עֶס צוּ שְׁמֶעלְצֶען, אַזוֹי וֶועל אִיךְ אֵייךְ אֵיינְזַאמֶעלְן אִין מֵיין צָארְן אוּנְד אִין מֵיין גְרִימְצָארְן, אוּנְד אִיךְ וֶועל אֵייךְ (דָארְט) אִיבֶּערְלָאזֶען אוּנְד אִיךְ וֶועל אֵייךְ שְׁמֶעלְצֶען׃ 21 אִיךְ וֶועל אֵייךְ זַאמֶעלְן אוּנְד אִיךְ וֶועל אוֹיף אֵייךְ בְּלָאזֶען מִיט דֶעם פֵייעֶר פוּן מֵיין גְרִימְצָארְן, אוּנְד אִיהְר וֶועט אִין אִיהְרֶע מִיטֶע גֶע־שְׁמָאלְצֶען וֶוערֶען׃ 22 אַזוֹי וִויא זִילְבֶּער וֶוערְט גֶעשְׁמָאלְצֶען אִין דֶעם שְׁמֶעלְץ־אוֹיפֶען, אַזוֹי וֶועט אִיהְר אִין דֶער מִיטֶען גֶעשְׁמָאלְצֶען וֶוערֶען, אוּנְד אִיהְר וֶועט וִויסֶען אַז אִיךְ דֶער הַאר הָאבּ אִיבֶּער אֵייךְ אוֹיסְגֶעגָאסֶען מֵיין גְרִימְצָארְן׃ 23 אוּנְד דָאס וָוארְט פוּן דֶעם הַאר אִיז צוּ מִיר גֶעוֶועזֶען, אַזוֹי צוּ זָאגֶען׃ 24 בֶּן־אָדָם, זָאג צוּ אִיהְר, דוּא בִּיזְט אַ לַאנְד וָואס אִיז נִיט גֶערֵיינִיגְט, אוּנְד עֶס הָאט נִיט דַארוֹיף גֶערֶעגֶענְט אִין דֶעם טָאג פוּן צָארְן׃ 25 אִיהְרֶע נְבִיאוֹת הָאבֶען זִיךְ אִין אִיהְר פֶערְקְנִיפְּט, אַזוֹי וִויא אַ שְׁרֵייעֶנְדִיגֶער לֵייבּ וָואס פֶערְצִיקְט, אַזוֹי הָאבֶען זֵייא נְפָשׁוֹת גֶעפְרֶעסֶען, זֵייא הָאבֶען אַוֶועקְגֶענוּמֶען קָאסְטְבַּארֶע אוּנְד טֵייעֶרֶע זַאכֶען, זֵייא הָאבֶען אִין אִיהְר פֶערְמֶעהְרְט אַלְמָנוֹת׃ 26 אִיהְרֶע כֹּהֲנִים הָאבֶען אַוֶועקְגֶערוֹיבְּט דִיא תּוֹרָה, אוּנְד זֵייא הָאבֶען מְחַלֵּל גֶעוֶועזֶען מֵיינֶע קָדָשִׁים, צְווִישֶׁען הֵיילִיג אוּנְד אוּמְהֵיילִיג הָאבֶען זֵייא נִיט גֶעמַאכְט אַ צְווִישֶׁען־שֵׁייד, אוּנְד צְווִישֶׁען טָמֵא אוּנְד רֵיין הָאבֶען זֵייא אוֹיךְ נִיט בֶּעקַאנְט גֶעמַאכְט, אוּנְד פוּן מֵיינֶע שַׁבָּתִים הָאבֶען זֵייא אַוֶועקְגֶעטְהוּן זֵייעֶרֶע אוֹיגֶען, אוּנְד אִיךְ בִּין צְווִישֶׁען זֵייא פֶערְאוּמְהֵיילִיגְט גֶעוָארֶען׃ 27 זֵייעֶרֶע פִירְשְׁטֶען צְווִישֶׁען זֵייא זֶענֶען וִויא וֶועלְף וָואס פֶערְצִיקֶען, בְּלוּט צוּ פֶערְגִיסֶען אוּנְד נְפָשׁוֹת צוּ פֶערְטִילְגֶען, כְּדֵי זֵייא צוּ בֶּעגַזְלֶ'ן׃ 28 אוּנְד אִיהְרֶע נְבִיאִים בֶּעשְׁמִירֶען זֵייא מִיט קַאלְךְ, זֵייא זָאגֶען פַאלְשֶׁע נְבִיאוֹת אוּנְד מַאכֶען כִּישׁוּף צוּ זֵייא מִיט לִיגֶען, זֵייא זָאגֶען, אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר גָאט, וֶוען דֶער הַאר הָאט נִיט גֶערֶעדְט׃ 29 דָאס פָאלְק פוּן דֶעם לַאנְד הָאבֶען זֵייא בֶּערוֹיבְּט אוּנְד בֶּעגַזְלְת מִיט אַ גְזֵלָה, אוּנְד דֶעם אָרֶעמֶען אוּנְד דֶעם נוֹיטְהַדְּ־בֶּעדַארְפְטִיגֶען הָאבֶען זֵייא גֶענָארְט אוּנְד דֶעם גֵר הָאבֶען זֵייא בֶּערוֹיבְּט אָהְן אַ מִשְׁפָּט׃ 30 אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעזוּכְט פוּן זֵייא אַ מַאן וָואס זָאל מַאכֶען אַ פֶע־צוֹימוּנְג אוּנְד זָאל שְׁטֶעהְן אִין דֶעם בְּרָאךְ פָאר מִיר וֶועגֶען דֶעם לַאנְד, כְּדֵי אִיךְ זָאל עֶס נִיט פֶערְדַארְבֶּען, אָבֶּער אִיךְ הָאבּ קֵיינֶעם גֶעפוּנֶען׃ 31 דָארִיבֶּער הָאבּ אִיךְ אִיבֶּער זֵייא אוֹיסְגֶעגָאסֶען מֵיין גְרִימְצָארְן, אִיךְ הָאבּ זֵייא פֶערְטִילְגְט מִיט דֶעם פֵייעֶר פוּן מֵיין גְרִימְצָארְן, אִיךְ הָאבּ זֵייעֶרֶע אֵייגֶענֶע וֶועגֶען אוֹיף זֵייעֶר קָאפּ גֶעגֶעבֶּען, זָאגְט דֶער הַאר גָאט׃

## קאפיטעל כג

1 אוּנְד דָאס וָוארְט פוּן דֶעם הַאר אִיז צוּ מִיר גֶעוֶועזֶען, אַזוֹי צוּ זָאגֶען׃ 2 בֶּן־אָדָם, צְווֵייא ווייבֶּער זֶענֶען גֶעוֶועזֶען דִיא טֶעכְטֶער פוּן אֵיינֶע מוּטֶער׃ 3 אוּנְד זֵייא הָאבֶען זִיךְ פֶערְהוּרְט אִין מִצְרַיִם, אִין זֵייעֶרֶע יוּגֶענְד הָאבֶען זֵייא זִיךְ מְזַנֶּה גֶעוֶועזֶען, דָארְט הָאט מֶען זֵייא זֵייעֶרֶע בְּרִיסְטֶען גֶעקְוֶועטְשְׁט, אוּנְד דָארְט הָאט מֶען צוּשְׁטוֹיסֶען דִיא צִיצֶען פוּן זֵייעֶרֶע בְּתוּלָה־שַׁאפְט׃ 4 אוּנְד זֵייעֶרֶע נֶעמֶען זֶענֶען גֶעוֶועזֶען אָהֳלָה דִיא עֶלְצְטֶע, אוּנְד אָהֳלִיבָה אִיהְרֶע שְׁוֶועסְטֶער, אוּנְד זֵייא זֶענֶען מֵיין גֶעוֶועזֶען, אוּנְד זֵייא הָאבֶען גֶעבּוֹירֶען זִיהְן אוּנְד טֶעכְטֶער, אוּנְד אַזוֹי זֶענֶען זֵייעֶרֶע נֶעמֶען גֶעוֶועזֶען — שֹׁמְרוֹן אָהֳלָה, אוּנְד יְרוּשָׁלַיִם אָהֳלִיבָה׃ 5 אוּנְד אָהֳלָה הָאט זִיךְ אוּנְטֶער מִיר מְזַנֶּה גֶעוֶועזֶען, אוּנְד זִיא הָאט גֶעגְלוּסְט צוּ אִיהְרֶע לִיבְּהָאבֶּערְס, אַשּׁוּר וָואס אִיז נָאהֶענְט גֶעוֶועזֶען׃ 6 וָואס זֶענֶען גֶעוֶועזֶען אָנְגֶעטְהוּן מִיט בְּלוֹיעֶ־וָואל, גֶעוֶועלְטִיגֶער אוּנְד הַארֶען, זֵייא זֶענֶען אַלֶע גֶעוֶועזֶען לוּסְטְבַּארֶע יוּנְגֶע לֵייט, רֵייטֶער אוֹיף

7 רֹכְבֵי סוּסִים׃ וַתִּתֵּן תַּזְנוּתֶיהָ עֲלֵיהֶם מִבְחַר בְּנֵי־אַשּׁוּר
8 כֻּלָּם וּבְכֹל אֲשֶׁר־עָגְבָה בְּכָל־גִּלּוּלֵיהֶם נִטְמָאָה׃ וְאֶת־
תַּזְנוּתֶיהָ מִמִּצְרַיִם לֹא עָזָבָה כִּי אוֹתָהּ שָׁכְבוּ בִנְעוּרֶיהָ
9 וְהֵמָּה עִשּׂוּ דַּדֵּי בְתוּלֶיהָ וַיִּשְׁפְּכוּ תַזְנוּתָם עָלֶיהָ׃ לָכֵן
נְתַתִּיהָ בְּיַד־מְאַהֲבֶיהָ בְּיַד בְּנֵי אַשּׁוּר אֲשֶׁר עָגְבָה עֲלֵיהֶם׃
הֵמָּה גִּלּוּ עֶרְוָתָהּ בָּנֶיהָ וּבְנוֹתֶיהָ לָקָחוּ וְאוֹתָהּ בַּחֶרֶב
11 הָרָגוּ וַתְּהִי־שֵׁם לַנָּשִׁים וּשְׁפוּטִים עָשׂוּ בָהּ׃ וַתֵּרֶא אֲחוֹתָהּ
אָהֳלִיבָה וַתַּשְׁחֵת עַגְבָתָהּ מִמֶּנָּה וְאֶת־תַּזְנוּתֶיהָ מִזְּנוּנֵי
12 אֲחוֹתָהּ׃ אֶל־בְּנֵי אַשּׁוּר עָגָבָה פַּחוֹת וּסְגָנִים קְרֹבִים
לְבֻשֵׁי מִכְלוֹל פָּרָשִׁים רֹכְבֵי סוּסִים בַּחוּרֵי חֶמֶד כֻּלָּם׃
13 14 וָאֵרֶא כִּי נִטְמָאָה דֶּרֶךְ אֶחָד לִשְׁתֵּיהֶן׃ וַתּוֹסֶף אֶל־תַּזְנוּתֶיהָ
וַתֵּרֶא אַנְשֵׁי מְחֻקֶּה עַל־הַקִּיר צַלְמֵי כַשְׂדִּיים חֲקֻקִים
טו בַּשָּׁשַׁר׃ חֲגוֹרֵי אֵזוֹר בְּמָתְנֵיהֶם סְרוּחֵי טְבוּלִים בְּרָאשֵׁיהֶם
מַרְאֵה שָׁלִשִׁים כֻּלָּם דְּמוּת בְּנֵי־בָבֶל כַּשְׂדִּים אֶרֶץ
16 מוֹלַדְתָּם׃ וַתַּעְגֹּב עֲלֵיהֶם לְמַרְאֵה עֵינֶיהָ וַתִּשְׁלַח מַלְאָכִים
17 אֲלֵיהֶם כַּשְׂדִּימָה׃ וַיָּבֹאוּ אֵלֶיהָ בְנֵי־בָבֶל לְמִשְׁכַּב דֹּדִים
וַיְטַמְּאוּ אוֹתָהּ בְּתַזְנוּתָם וַתִּטְמָא־בָם וַתֵּקַע נַפְשָׁהּ מֵהֶם׃
18 וַתְּגַל תַּזְנוּתֶיהָ וַתְּגַל אֶת־עֶרְוָתָהּ וַתֵּקַע נַפְשִׁי מֵעָלֶיהָ
19 כַּאֲשֶׁר נָקְעָה נַפְשִׁי מֵעַל אֲחוֹתָהּ׃ וַתַּרְבֶּה אֶת־תַּזְנוּתֶיהָ
כ לִזְכֹּר אֶת־יְמֵי נְעוּרֶיהָ אֲשֶׁר זָנְתָה בְּאֶרֶץ מִצְרָיִם׃ וַתַּעְגְּבָה
עַל פִּלַגְשֵׁיהֶם אֲשֶׁר בְּשַׂר־חֲמוֹרִים בְּשָׂרָם וְזִרְמַת סוּסִים
21 זִרְמָתָם׃ וַתִּפְקְדִי אֵת זִמַּת נְעוּרָיִךְ בַּעְשׂוֹת מִמִּצְרַיִם
22 דַּדַּיִךְ לְמַעַן שְׁדֵי נְעוּרָיִךְ׃ לָכֵן אָהֳלִיבָה כֹּה־אָמַר
אֲדֹנָי יֱהֹוִה הִנְנִי מֵעִיר אֶת־מְאַהֲבַיִךְ עָלַיִךְ אֵת אֲשֶׁר־נָקְעָה
23 נַפְשֵׁךְ מֵהֶם וַהֲבֵאתִים עָלַיִךְ מִסָּבִיב׃ בְּנֵי בָבֶל וְכָל־
כַּשְׂדִּים פְּקוֹד וְשׁוֹעַ וְקוֹעַ כָּל־בְּנֵי אַשּׁוּר אוֹתָם בַּחוּרֵי
חֶמֶד פַּחוֹת וּסְגָנִים כֻּלָּם שָׁלִשִׁים וּקְרוּאִים רֹכְבֵי סוּסִים

רייט־וועגען אונד פערד: 7 דאריבער האט זיא איהרע הורערייא אהינגעגעבען צו זייא, אויף אלע אויסדערוועהלטע לייט פון אשור אונד אויף אלע וואס זיא האט געגלוסט, אונד נאך אלע זיירע געצען־בילדער האט זיא זיך מטמא געוועזען: 8 אונד איהרע הורערייא פון מצרים האט זיא אויך ניט פערלאזט, ווארין זייא זענען מיט איהר געלעגען אין איהרע יוגענד, אונד זייא האבען געקוועטשט איהר בריסטען פון איהרע בתולה־שאפט, אונד זייא האבען אויסגעגאסען (דיא תאוה פון) זייער זנות אויף איהר: 9 דארום האב איך זיא איבערגעגעבען אין דיא הענד פון איהרע ליבהאבערס, אין דיא האנד פון דיא בני אשור, וואס זיא האט צו זייא געגלוסט: 10 זייא האבען אנטפלעקט איהרע שאנד, איהרע זיהן אונד איהרע טעכטער האבען זייא אוועקגענומען, אונד זיא אליין האבען זייא געהרגעט מיט דעם שווערד, אונד זיא האט געהאט א (שלעכטען) שם אונטער דיא ווייבער, ווארין זייא האבען איהר אנגעטהון פורעניות (שטראף־געריכט): 11 אונד ווען איהרע שוועסטער אהליבה האט דאס געזעהען, אזוי איז זיא נאך מעהר פערדארבען געוועזען מיט איהרע גלוסטונג, אונד איהרע הורערייא איז מעהר געוועזען ווייא דאס זנות פון איהרע שוועסטער: 12 זיא האט געגלוסט צו דיא בני אשור, וואס זענען געוועלטיגער אונד הארען וואס זענען נאהענט, אונד זענען שעהן אנגעקלייד, רייטער וואס רייטען אויף פערד, אלע לוסטבארע יונגע לייט: 13 אונד איך האב געזעהען אז זיא איז טמא געווארען, ווארין זייא האבען ביידע איין וועג: 14 אונד זיא האט נאך פערמעהרט איהר זנות, ווארין זיא האט געזעהען מאנס־בילדער אויסגעקריצט אויף דער וואנד, בילדער פון דיא כשדים זענען געוועזען אויסגעקריצט (אויסגעמאלט) מיט פארבען: 15 אנגעגארטעלט מיט א גארטעל אויף זייערע לענדען, אונד געפארבטע טורבאנען אויף זייערע קעפ, אלע האבען אויסגעזעהען וויא הויפט־לייט, דיא געשטאלט פון דיא בני בבל, כשדים איז דאס לאנד פון זייערע געבורט: 16 אונד ווען זיא האט אויף זייא געקוקט מיט איהרע אויגען אזוי האט זיא צו זייא געגלוסט, אונד זיא האט צו זייא געשיקט שלוחים קיין כשדים: 17 אונד דיא בני בבל זענען צו איהר געקומען צו דעם ליבעס־געלעגער, אונד זייא האבען זיא מטמא געוועזען מיט זייער זנות, אונד זיא האט זיך מיט זייא מטמא געוועזען, אונד אזוי איז איהר נפש פון זייא אוועקגעריסען געווארען: 18 אונד ווען איהר זנות איז אנטפלעקט געווארען, אונד אויך איהרע שאנד, אזוי האב איך מיך פון איהר אוועקגעריסען גראד אזוי וויא איך האב מיך אוועקגעריסען פון איהרע שוועסטער: 19 אונד דאך האט זיא פערמעהרט איהר זנות כדי צו געדענקען אן דיא טעג פון איהרע יוגענד ווען זיא האט זיך מזנה געוועזען אין דעם לאנד מצרים: 20 אונד זיא האט געגלוסט צו זייערע קעבס־מענער, וואס זייער פלייש איז וויא דאס פלייש פון עזעל, אונד וואס זייער זרע איז וויא דער שטרוים פון פערד: 21 אונד דוא האסט געדאכט אן דיא שלעכטיגקייט פון דיינע יוגענד, ווייא דוא האסט געלאזט בעטאפען דיינע ציצען אין מצרים פון וועגען דיא בריסטען פון דיינע יוגענד: 22 דארום, א אהליבה! אזוי זאגט דער האר גאט, זעה, איך וועל דערוועקען דיינע ליבהאבערס קעגען דיר, פון וועלכע דיין נפש איז אוועקגעריסען, אונד איך וועל זייא ברענגען קעגען דיר רינגס ארום: 23 דיא בני בבל, אונד אלע כשדים, פקוד אונד שוע אונד קוע אונד אלע בני אשור מיט זייא, אלע זענען לוסטבארע יונגע לייט, געוועלטיגער אונד הארען, הויפט־לייט אונד חשובע לייט, אלע רייטען אויף פערד:

אונד

בם ונקדשתי בם לעיני הגוים וישבו על־אדמתם אשר
26 נתתי לעבדי ליעקב: וישבו עליה לבטח ובנו בתים
ונטעו כרמים וישבו לבטח בעשותי שפטים בכל השאטים
אתם מסביבותם וידעו כי אני יהוה אלהיהם:

## כט

כט

א בשנה העשרית בעשרי בשנים עשר לחדש היה דבר־
2 יהוה אלי לאמר: בן־אדם שים פניך על־פרעה מלך
3 מצרים והנבא עליו ועל־מצרים כלה: דבר ואמרת
כה־אמר ׀ אדני יהוה הנני עליך פרעה מלך־מצרים
התנים הגדול הרבץ בתוך יאריו אשר אמר לי יארי
4 ואני עשיתני: ונתתי חחיים בלחייך והדבקתי דגת־
יאריך בקשקשתיך והעליתיך מתוך יאריך ואת כל־
ה דגת יאריך בקשקשתיך תדבק: ונטשתיך המדברה
אותך ואת כל־דגת יאריך על־פני השדה תפול לא
תאסף ולא תקבץ לחית הארץ ולעוף השמים נתתיך
6 לאכלה: וידעו כל־ישבי מצרים כי אני יהוה יען היותם
7 משענת קנה לבית ישראל: בתפשם בך בכפך תרוץ
ובקעת להם כל־כתף ובהשענם עליך תשבר והעמדת
8 להם כל־מתנים: לכן כה אמר אדני יהוה הנני
9 מביא עליך חרב והכרתי ממך אדם ובהמה: והיתה
ארץ־מצרים לשממה וחרבה וידעו כי־אני יהוה יען
י אמר יאר לי ואני עשיתי: לכן הנני אליך ואל־יאריך
ונתתי את־ארץ מצרים לחרבות חרב שממה ממגדל
11 סונה ועד־גבול כוש: לא תעבר־בה רגל אדם ורגל
12 בהמה לא תעבר־בה ולא תשב ארבעים שנה: ונתתי
את־ארץ מצרים שממה בתוך ׀ ארצות נשמות ועריה
בתוך ערים מחרבות תהיין שממה ארבעים שנה והפצתי

אזוי וועל איך אין זייא געהייליגט ווערען פאר דיא אויגען פון דיא גוים, אונד זייא וועלען וואוינען אויף זייער (אייגען) לאנד וואס איך האב געגעבען צו מיין קנעכט, צו יעקב: 26 אונד זייא וועלען דארינען וואוינען אין זיכערהייט, אונד זייא וועלען בויען הייזער, אונד זייא וועלען פלאנצען וויינגערטען, אונד זייא וועלען וואוינען אין זיכערהייט, ווען איך וועל טהון שפטים אן אלע וואס האבען זייא פערשפאט פון רינגס ארום זייא, אונד זייא וועלען וויסען אז איך בין דער האר זייער גאט:

## קאפיטעל כט

1 אין דעם צעהנטען יאהר, אין דעם צעהנטען חדש, אין דעם צוועלפטען טאג פון חדש, איז דאס ווארט פון דעם האר צו מיר געוועזען, אזוי צו זאגען: 2 בן־אדם, העב אויף דיין פנים קעגען פרעה מלך פון מצרים אונד זאג נבואות איבער איהם, אונד איבער גאנץ מצרים: 3 רעד, אונד דוא זאלסט זאגען, אזוי זאגט דער האר גאט, זעה איך בין קעגען דיר, פרעה מלך פון מצרים, דער גרויסער דראכען־פיש וואס הויערט אין דער מיטען פון דיא שטרוימען, אונד וואס זאגט צו מיר געהערט דער שטרוים אונד איך האב איהם געמאכט: 4 אבער איך וועל געבען (טהון) א האקען אין דיינע באקען, אונד איך וועל מאכען אז דיא פיש פון דיינע שטרוימען זאלען זיך בעהעפטען צו דיינע שופען, אונד איך וועל דיך ארויפברענגען פון דער מיטען פון דיינע שטרוימען, אונד אלע פיש פון דיינע שטרוימען וועלען זיך בעהעפטען אן דיינע שופען: 5 אונד איך וועל דיך אוועקוואַרפען אין דער מדבר, אונד אויך אלע פיש פון דיינע שטרוימען, דוא וועסט פאלען אויף דעם (אפענעם) פעלד, דוא וועסט ניט צוזאמענגעבראכט אונד ניט איינגעזאמעלט ווערען, נייערט איך האב דיך געגעבען פאר דיא חיות פון דעם פעלד אונד פאר דיא פעגעל פון דעם הימעל צו עסען: 6 אונד אלע בעוואוינער פון מצרים וועלען וויסען אז איך בין דער האר, ווייל זייא זענען געוועזען א ראהר פון אונטערלעהנונג צו דעם הויזגעזינד פון ישראל: 7 ווען זייא האבען דיך אנגענומען מיט זייערע האנד אזוי ביזט דוא צובראכען געווארען, אונד דוא האסט זייא דיא גאנצע אקסעל צושפאלטען, אונד ווען זייא האבען זיך אויף דיר אנגעלעהנט אזוי ביזט דוא (אויך) צובראכען געווארען, אונד דוא האסט זייא דיא גאנצע לענדען שטעהען געמאכט: 8 דארום, אזוי זאגט דער האר גאט, זעה איך וועל קעגען דיר ברענגען א שווערד, אונד איך וועל פון דיר פערטילגען מענשען אונד בהמות: 9 אונד דאס לאנד מצרים וועט זיין וויסט אונד א חורבן, כדי זייא זאלען וויסען אז איך בין דער האר, ווייל ער האט געזאגט דער שטרוים איז מיין אונד איך האב איהם געמאכט: 10 דארום זעה, איך בין קעגען דיר אונד קעגען דיין שטרוים, אונד איך וועל מאכען דאס לאנד מצרים צו חורבות, א חורבן אונד וויסטיגקייט, פון דעם טורם סונה ביז צו דיא גרענעץ פון כוש: 11 עס וועט ניט איבערגעהן אין איהר א פוס פון א מענש, אונד א פוס פון א בהמה וועט אויך ניט אין איהר איבערגעהן, אונד עס וועט ניט בעוואוינט זיין פירציג יאהר: 12 אונד איך וועל וויסט מאכען דאס לאנד מצרים צווישען דיא אנדערע לענדער וואס זענען וויסט, אונד זייערע שטעט וועלען זיין וויסט צווישען דיא אנדערע וויסטע שטעט וואס זענען (שוין) וויסט פירציג יאהר,

אונד

13 את־מצרים בגוים וזריתים בארצות: כי כה אמר
אדני יהוה מקץ ארבעים שנה אקבץ את־מצרים מן
14 העמים אשר־נפצו שמה: ושבתי את־שבות מצרים
והשבתי אתם ארץ פתרוס על־ארץ מכורתם והיו שם
טו ממלכה שפלה: מן־הממלכות תהיה שפלה ולא־
תתנשא עוד על־הגוים והמעטתים לבלתי רדות בגוים:
16 ולא יהיה־עוד לבית ישראל למבטח מזכיר עון בפנותם
17 אחריהם וידעו כי אני אדני יהוה: ויהי בעשרים
ושבע שנה בראשון באחד לחדש היה דבר־יהוה אלי
18 לאמר: בן־אדם נבוכדראצר מלך־בבל העביד את־חילו
עבדה גדולה אל־צר כל־ראש מקרח וכל־כתף מרוטה
ושכר לא־היה לו ולחילו מצר על־העבדה אשר־עבד
19 עליה: לכן כה אמר אדני יהוה הנני נתן לנבוכדראצר
מלך־בבל את־ארץ מצרים ונשא המנה ושלל שללה
כ ובזז בזה והיתה שכר לחילו: פעלתו אשר־עבד בה נתתי
לו את־ארץ מצרים אשר עשו לי נאם אדני יהוה: ביום
21 ההוא אצמיח קרן לבית ישראל ולך אתן פתחון־פה
בתוכם וידעו כי־אני יהוה:

ל

2 א ויהי דבר־יהוה אלי לאמר: בן־אדם הנבא ואמרת כה
3 אמר אדני יהוה הילילו הה ליום: כי־קרוב יום וקרוב
4 יום ליהוה יום ענן עת גוים יהיה: ובאה חרב במצרים
והיתה חלחלה בכוש בנפל חלל במצרים ולקחו המונה
ה ונהרסו יסודתיה: כוש ופוט ולוד וכל־הערב וכוב ובני
6 ארץ הברית אתם בחרב יפלו: כה אמר יהוה
ונפלו סמכי מצרים וירד גאון עזה ממגדל סונה בחרב
7 יפלו־בה נאם אדני יהוה: ונשמו בתוך ארצות נשמות

אונד איך וועל דיא מצרים פערשפרייטען צווישען דיא גוים אונד צושפרייטען אונטער דיא לענדער: 13 וואריך, אזוי זאגט דער האר גאט, אין דעם ענד פון פירציג יאהר וועל איך דיא מצרים איינזאמעלן פון צווישען דיא פעלקער אהוא זייא זענען דארט אהין צושפרייט געווען: 14 אונד איך וועל צוריקברענגען דיא געפאנגענע פון מצרים, אונד איך וועל זייא צוריקברענגען צו דעם לאנד פתרוס, צו דעם לאנד פון זייער געבורט, אונד זייא וועלען דארט זיין א נידריגעס קעניגרייך: 15 עס וועט זיין דאס נידריגסטע קעניגרייך, אונד עס וועט זיך ניט מעהר דערהעבען איבער דיא (אנדערע) פעלקער, וואריך איך וועל זייא מינערן כדי זייא זאלען ניט מעהר געוועלטיגען איבער דיא (אנדערע) פעלקער: 16 אונד זייא וועלען ניט מעהר זיין צו דעם הויזגעזינד פון ישראל פאר א פערזיכערונג, וואס דערמאנט זייערע זינד ווען זייא וועלען זיך אומקוקען, אונד זייא וועלען וויסען אז איך בין דער האר גאט: 17 אונד עס איז געוועזען אין דעם זיבען אונד צוואנציגסטען יאהר, אין דעם ערשטען טאג פון דעם ערשטען חדש, אזוי איז דאסווארט פון דעם האר צו מיר געוועזען אזוי צו זאגען: 18 בן־אדם, נבוכדראצר מלך פון בבל האט געמאכט זיין חיל דינען א גרויסען דינסט קעגען צור, איטליכער קאפ איז קאהל געמאכט, אונד פון איטליכע שולטער איז דיא הויט אפגעריבען, אונד דאך האט ער ניט געהאט קיין שכר פאר זיך אונד פאר זיין חיל פון צור פאר דעם דינסט וואס ער האט דערפאר געדינט: 19 דארום, אזוי זאגט דער האר גאט, זעה, איך וועל געבען דאס לאנד מצרים צו נבוכדראצר מלך פון בבל, אונד ער וועט אוועקטראגען איהר פערמעגען, אונד ער וועט רויבען איהר רויב, אונד פלינדערן דעם זאקרויב, אונד דאס וועט זיין דער שכר פאר זיין חיל: 20 איך האב איהם געגעבען דאס לאנד מצרים פאר זיינע ארבייט וואס ער האט דארין געארבייט, ווייל זייא האבען עס פאר מיר געטהון, זאגט דער האר גאט: 21 אין דעמזעלביגען טאג וועל איך מאכען שפראצען א הארן צו דעם הויזגעזינד פון ישראל, אונד צו דיר וועל איך געבען איין אפענעם מויל צווישען זייא, אונד זייא וועלען וויסען אז איך בין דער האר:

## קאפיטעל ל

1 אונד דאס ווארט פון דעם האר איז צו מיר געוועזען, אזוי צו זאגען: 2 בן־אדם, זאג נבואות, אונד דוא זאלסט זאגען, אזוי זאגט דער האר גאט, קלאגט, אוי וועה, צו דעם טאג! 3 וואריך דער טאג איז נאהענט, יוא, דער טאג פון גאט איז נאהענט, עס איז א וואלקענדיגער טאג, עס וועט זיין דיא צייט פון דיא גוים: 4 אונד דאס שווערד וועט קומען איבער מצרים, אונד עס וועט זיין א (גרויסע) שרעקעניס אין כוש, ווען דיא דערשלאגענע וועלען פאלען אין מצרים, אונד זייא וועלען אוועקנעמען זייער מאסע פאלק, אונד אפברעכען זייערע גרונדפעסטען: 5 כוש אונד פוט, אונד לוד אונד דאס גאנצע פערמישטע פאלק, אונד כוב אונד דיא לייט פון דעם לאנד וואס האבען כורת ברית געוועזען, זאלען מיט זייא פאלען דורך דעם שווערד: 6 אזוי זאגט דער האר, אויך דיא אונטערלעהנערס פון מצרים וועלען פאלען, אונד דיא שטאלצהייט פון איהרע שטארקהייט וועט ארונטער נידערן, פון דעם טורעם סונה וועלען זייא דארין פאלען דורך דעם שווערד, זאגט דער האר גאט: 7 אונד זייא וועלען זיין וויסט צווישען דיא וויסטע לענדער,

אונד

אונד איהרע שטעט וועלען זיין וויסט
צווישען איהרע שטעט: 8 אונד זייא
וועלען וויסען אז איך בין דער האר ווען
איך וועל (מאכען) געבען א פייער אין
מצרים, אונד ווען אלע איהרע העלפער
וועלען צובראכען ווערען: 9 אין דעמ־
זעלביגען טאג וועלען פאר מיר ארויסגעהן
שלוחים אין שפען, אונד זייא וועלען
דערשרעקען כוש וואס איז אין זיכער־
הייט, אונד א גרויסע וועטאג וועט איבער
זייא קומען אזוי ווייא אין דעם טאג פון
מצרים, ווארין זעה, עס קומט: 10 אזוי
זאגט דער האר גאט, איך וועל אויך
מאכען אויפהערען דיא מאסע פון (דעם
פאלק) מצרים דורך דיא האנד פון
נבוכדראצר מלך פון בבל: 11 ער אונד
זיין פאלק מיט איהם, דיא שרעקליכסטע
פון דיא פעלקער וועלען אהינגעבראכט
ווערען כדי דאס לאנד צו פערדארבען,
אונד זייא וועלען ארויסציהען זייערע
שווערדען פון זייערע שיידען איבער
מצרים, אונד זייא וועלען דאס לאנד פול
מאכען מיט דערשלאגענע: 12 אונד
איך וועל אויסטרוקענען דיא טייכען, אונד
איך וועל דאס לאנד פערקויפען (איבערגעבען) אין דיא שלעכטע הענד, אונד איך וועל
דאס לאנד אונד זיינע פולהייט פערוויסטען דורך פרעמדע, איך דער האר האב עס גערעט:
13 אזוי זאגט דער האר גאט, איך וועל אויך פערטילגען דיא געצען, אונד וועל מאכען
אויפהערען דיא אפגעטער פון נף, אונד עס וועט ניט מעהר זיין קיין נשיא פון דעם לאנד
מצרים, אונד איך וועל געבען א פורכט אין דעם לאנד מצרים: 14 אונד איך וועל פער־
וויסטען פתרוס, אונד איך וועל געבען א פייער אין צוען, אונד איך וועל טהון משפטים אין
נא: 15 אונד איך וועל אויסגיסען מיין גרימצארן איבער סין, וואס איז דיא שטארקהייט
פון מצרים, אונד איך וועל אויך פערטילגען דיא מאסע פאלק פון נא: 16 אונד איך וועל
געבען א פייער אין מצרים, אונד סין וועט שטארק ציטערן, אונד נא וועט צושפאלטען
ווערען, אונד איבער נף וועלען דיא פיינד קומען טאג בייא טאג: 17 דיא יונגע לייט פון
און אונד פי־בסת וועלען פאלען דורך דעם שווערד, אונד דיזע (שטעט) וועלען געהן אין
געפאנגענשאפט: 18 אונד אויך אין תחפנחס וועט דער טאג פינסטער ווערען ווען איך
וועל דארט צוברעכען דעם שטעקען פון מצרים, אונד ווען דיא שטאלצהייט פון איהרע
שטארקהייט וועט אויפהערען, א וואלקען וועט זיא בעדעקען, אונד איהרע טעכטער
וועלען געהן אין געפאנגענשאפט: 19 אונד איך וועל טהון משפטים אין מצרים, אונד זייא
וועלען וויסען אז איך בין דער האר: 20 אונד עס איז געוועזען אין דעם עלפטען יאהר,
אין דעם זיבעטען טאג פון דעם ערשטען חדש, איז דאסווארט פון דעם האר צו מיר
געוועזען אזוי צו זאגען: 21 בן־אדם, איך האב צובראכען דעם ארעם פון פרעה מלך
פון מצרים, אונד זעה, ער זאל ניט פערבונדען ווערען כדי איהם אויסצוהיילען, מען
זאל איהם (ניט) איינוויקלען אדער פערבינדען אונד שטארק מאכען כדי ער זאל נאך
קענען אנגעמען א שווערד: 22 דארום, אזוי זאגט דער האר גאט, זעה איך בין קעגען
פרעה מלך פון מצרים, אונד איך וועל צוברעכען זיינע ארעמס, דעם שטארקען אונד
דעם צובראכענעם, אונד איך וועל מאכען אז דאס שווערד זאל פאלען פון זיינע
האנד: 23 אונד איך וועל צושטרייען מצרים צווישען דיא פעלקער, אונד איך וועל
זייא פערשפרייטען אין דיא לענדער: 24 אונד איך וועל שטארקען דיא ארעמס פון
דעם מלך פון בבל, אונד איך וועל געבען מיין שווערד אין זיינע האנד, אבער דיא

וְעָרָיו בְּתוֹךְ־עָרִים נַחֲרָבוֹת תִּהְיֶינָה׃ וְיָדְעוּ כִּי־אֲנִי יְהוָה 8
בְּתִתִּי־אֵשׁ בְּמִצְרַיִם וְנִשְׁבְּרוּ כָּל־עֹזְרֶיהָ׃ בַּיּוֹם הַהוּא 9
יֵצְאוּ מַלְאָכִים מִלְּפָנַי בַּצִּים לְהַחֲרִיד אֶת־כּוּשׁ בֶּטַח
וְהָיְתָה חַלְחָלָה בָהֶם כְּיוֹם מִצְרַיִם כִּי הִנֵּה בָּאָה׃
כֹּה אָמַר אֲדֹנָי יֱהוִה וְהִשְׁבַּתִּי אֶת־הֲמוֹן מִצְרַיִם בְּיַד י
נְבוּכַדְרֶאצַּר מֶלֶךְ־בָּבֶל׃ הוּא וְעַמּוֹ אִתּוֹ עָרִיצֵי גוֹיִם 11
מוּבָאִים לְשַׁחֵת הָאָרֶץ וְהֵרִיקוּ חַרְבוֹתָם עַל־מִצְרַיִם
וּמָלְאוּ אֶת־הָאָרֶץ חָלָל׃ וְנָתַתִּי יְאֹרִים חָרָבָה וּמָכַרְתִּי 12
אֶת־הָאָרֶץ בְּיַד־רָעִים וַהֲשִׁמֹּתִי אֶרֶץ וּמְלֹאָהּ בְּיַד־זָרִים
אֲנִי יְהוָה דִּבַּרְתִּי׃ כֹּה־אָמַר אֲדֹנָי יֱהוִה וְהַאֲבַדְתִּי 13
גִלּוּלִים וְהִשְׁבַּתִּי אֱלִילִים מִנֹּף וְנָשִׂיא מֵאֶרֶץ־מִצְרַיִם לֹא
יִהְיֶה־עוֹד וְנָתַתִּי יִרְאָה בְּאֶרֶץ מִצְרָיִם׃ וַהֲשִׁמֹּתִי אֶת־ 14
פַּתְרוֹס וְנָתַתִּי אֵשׁ בְּצֹעַן וְעָשִׂיתִי שְׁפָטִים בְּנֹא׃ וְשָׁפַכְתִּי טו
חֲמָתִי עַל־סִין מָעוֹז מִצְרָיִם וְהִכְרַתִּי אֶת־הֲמוֹן נֹא׃ וְנָתַתִּי 16
אֵשׁ בְּמִצְרַיִם חוּל תָּחִיל סִין וְנֹא תִּהְיֶה לְהִבָּקֵעַ וְנֹף צָרֵי
יוֹמָם׃ בַּחוּרֵי אָוֶן וּפִי־בֶסֶת בַּחֶרֶב יִפֹּלוּ וְהֵנָּה בַּשְּׁבִי תֵלַכְנָה׃ 17
וּבִתְחַפְנְחֵס חָשַׂךְ הַיּוֹם בְּשִׁבְרִי־שָׁם אֶת־מֹטוֹת מִצְרַיִם 18
וְנִשְׁבַּת־בָּהּ גְּאוֹן עֻזָּהּ הִיא עָנָן יְכַסֶּנָּה וּבְנוֹתֶיהָ בַּשְּׁבִי
תֵלַכְנָה׃ וְעָשִׂיתִי שְׁפָטִים בְּמִצְרָיִם וְיָדְעוּ כִּי־אֲנִי יְהוָה׃ 19
וַיְהִי בְּאַחַת עֶשְׂרֵה שָׁנָה בָּרִאשׁוֹן בְּשִׁבְעָה לַחֹדֶשׁ הָיָה כ
דְבַר־יְהוָה אֵלַי לֵאמֹר׃ בֶּן־אָדָם אֶת־זְרוֹעַ פַּרְעֹה מֶלֶךְ־ 21
מִצְרַיִם שָׁבַרְתִּי וְהִנֵּה לֹא־חֻבְּשָׁה לָתֵת רְפֻאוֹת לָשׂוּם
חִתּוּל לְחָבְשָׁהּ לְחָזְקָהּ לִתְפֹּשׂ בֶּחָרֶב׃ לָכֵן כֹּה־אָמַר 22
אֲדֹנָי יֱהוִה הִנְנִי אֶל־פַּרְעֹה מֶלֶךְ־מִצְרַיִם וְשִׁבַּרְתִּי אֶת־
זְרֹעֹתָיו אֶת־הַחֲזָקָה וְאֶת־הַנִּשְׁבָּרֶת וְהִפַּלְתִּי אֶת־הַחֶרֶב
מִיָּדוֹ׃ וַהֲפִצוֹתִי אֶת־מִצְרַיִם בַּגּוֹיִם וְזֵרִיתִים בָּאֲרָצוֹת׃ 23
וְחִזַּקְתִּי אֶת־זְרֹעוֹת מֶלֶךְ בָּבֶל וְנָתַתִּי אֶת־חַרְבִּי בְּיָדוֹ 24

וְשָׁבַרְתִּי אֶת־זְרֹעוֹת פַּרְעֹה וְנָאַק נַאֲקוֹת חָלָל לְפָנָיו׃
כה וְהַחֲזַקְתִּי אֶת־זְרֹעוֹת מֶלֶךְ בָּבֶל וּזְרֹעוֹת פַּרְעֹה תִּפֹּלְנָה
וְיָדְעוּ כִּי־אֲנִי יְהוָה בְּתִתִּי חַרְבִּי בְּיַד מֶלֶךְ־בָּבֶל וְנָטָה
26 אוֹתָהּ אֶל־אֶרֶץ מִצְרָיִם׃ וַהֲפִצוֹתִי אֶת־מִצְרַיִם בַּגּוֹיִם
וְזֵרִיתִי אוֹתָם בָּאֲרָצוֹת וְיָדְעוּ כִּי־אֲנִי יְהוָה׃

## לא

לא

א וַיְהִי בְּאַחַת עֶשְׂרֵה שָׁנָה בַּשְּׁלִישִׁי בְּאֶחָד לַחֹדֶשׁ הָיָה
2 דְבַר־יְהוָה אֵלַי לֵאמֹר׃ בֶּן־אָדָם אֱמֹר אֶל־פַּרְעֹה מֶלֶךְ־
3 מִצְרַיִם וְאֶל־הֲמוֹנוֹ אֶל־מִי דָּמִיתָ בְגָדְלֶךָ׃ הִנֵּה אַשּׁוּר
אֶרֶז בַּלְּבָנוֹן יְפֵה עָנָף וְחֹרֶשׁ מֵצַל וּגְבַהּ קוֹמָה וּבֵין עֲבֹתִים
4 הָיְתָה צַמַּרְתּוֹ׃ מַיִם גִּדְּלוּהוּ תְּהוֹם רֹמְמָתְהוּ אֶת־
נַהֲרֹתֶיהָ הֹלֵךְ סְבִיבוֹת מַטָּעָהּ וְאֶת־תְּעָלֹתֶיהָ שִׁלְחָה אֶל
ה כָּל־עֲצֵי הַשָּׂדֶה׃ עַל־כֵּן גָּבְהָא קֹמָתוֹ מִכֹּל עֲצֵי הַשָּׂדֶה
וַתִּרְבֶּינָה סַרְעַפֹּתָיו וַתֶּאֱרַכְנָה פֹארֹתָו מִמַּיִם רַבִּים
6 בְּשַׁלְּחוֹ׃ בִּסְעַפֹּתָיו קִנְּנוּ כָּל־עוֹף הַשָּׁמַיִם וְתַחַת פֹּארֹתָיו
7 יָלְדוּ כֹּל חַיַּת הַשָּׂדֶה וּבְצִלּוֹ יֵשְׁבוּ כֹּל גּוֹיִם רַבִּים׃ וַיְּיִף
בְּגָדְלוֹ בְּאֹרֶךְ דָּלִיּוֹתָיו כִּי־הָיָה שָׁרְשׁוֹ אֶל־מַיִם רַבִּים׃
8 אֲרָזִים לֹא־עֲמָמֻהוּ בְּגַן־אֱלֹהִים בְּרוֹשִׁים לֹא דָמוּ אֶל־
סְעַפֹּתָיו וְעַרְמֹנִים לֹא־הָיוּ כְּפֹארֹתָיו כָּל־עֵץ בְּגַן־אֱלֹהִים
9 לֹא־דָמָה אֵלָיו בְּיָפְיוֹ׃ יָפֶה עֲשִׂיתִיו בְּרֹב דָּלִיּוֹתָיו וַיְקַנְאֻהוּ
י כָּל־עֲצֵי־עֵדֶן אֲשֶׁר בְּגַן הָאֱלֹהִים׃ לָכֵן כֹּה אָמַר
אֲדֹנָי יְהוִה יַעַן אֲשֶׁר גָּבַהְתָּ בְּקוֹמָה וַיִּתֵּן צַמַּרְתּוֹ אֶל־
11 בֵּין עֲבוֹתִים וְרָם לְבָבוֹ בְּגָבְהוֹ׃ וְאֶתְּנֵהוּ בְּיַד אֵל גּוֹיִם
12 עָשׂוֹ יַעֲשֶׂה לוֹ כְּרִשְׁעוֹ גֵּרַשְׁתִּהוּ׃ וַיִּכְרְתֻהוּ זָרִים עָרִיצֵי
גוֹיִם וַיִּטְּשֻׁהוּ אֶל־הֶהָרִים וּבְכָל־גֵּאָיוֹת נָפְלוּ דָלִיּוֹתָיו
וַתִּשָּׁבַרְנָה פֹארֹתָיו בְּכָל־אֲפִיקֵי הָאָרֶץ וַיֵּרְדוּ מִצִּלּוֹ כָּל־
13 עַמֵּי הָאָרֶץ וַיִּטְּשֻׁהוּ׃ עַל־מַפַּלְתּוֹ יִשְׁכְּנוּ כָּל־עוֹף הַשָּׁמַיִם

אָרֶעמְס פוּן פַּרְעֹה וֶועל אִיךְ צוּבְּרֶעכֶען, אוּנְד עֶר וֶועט פָאר אִיהְם שְׁרֵייעֶן מִיט אַ גֶעשְׁרֵייא פוּן דִיא דֶערְשְׁלָאגֶענֶע׃ 25 אוּנְד אִיךְ וֶועל שְׁטַארְקֶען דִיא אָרֶעמְס פוּן דֶעם מֶלֶךְ פוּן בָּבֶל, אָבֶּער דִיא אָרֶעמְס פוּן פַּרְעֹה זָאלֶען אַרוּפְּפַאלֶען, אוּנְד זֵייא זָאלֶען ווִיסֶען אַז אִיךְ בִּין דֶער הַאר, וֶוען אִיךְ וֶועל גֶעבֶּען מֵיין שְׁווֶערְד אִין דִיא הַאנְד פוּן דֶעם מֶלֶךְ פוּן בָּבֶל, אוּנְד עֶר וֶועט זִיא אוֹיסְשְׁטְרֶעקֶען קֶעגֶען דֶעם לַאנְד מִצְרַיִם׃ 26 אוּנְד אִיךְ וֶועל מִצְרַיִם צוּשְׁפְּרֵייטֶען צְווִישֶׁען דִיא פֶעלְקֶער, אוּנְד וֶועל זֵייא צוּשְׁטְרֵייעֶן אִין דִיא לֶענְדֶער, אוּנְד זֵייא וֶועלֶען ווִיסֶען אַז אִיךְ בִּין דֶער הַאר׃

## קאפיטעל לא

1 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אִין דֶעם עֶלְפְטֶען יָאהְר, אִין דֶעם עֶרְשְׁטֶען טָאג פוּן דֶעם דְרִיטֶען חֹדֶשׁ, אִיז דָאס וָוארְט פוּן דֶעם הַאר צוּ מִיר גֶעוֶועזֶען, אַזוֹי צוּ זָאגֶען׃ 2 בֶּן־אָדָם, זָאג צוּ פַּרְעֹה מֶלֶךְ פוּן מִצְרַיִם אוּנְד צוּ דֶער מַאסֶע פוּן זֵיין פָאלְק, צוּ וֶועמֶען הָאסְט דוּא דִיךְ גֶעגְלִיכֶען אַז דוּא הָאסְט דִיךְ גְרוֹיס גֶעמַאכְט? 3 זֶעה, אַשּׁוּר אִיז גֶעוֶועזֶען אַ טֶענֶענְבּוֹים אִין לְבָנוֹן, מִיט שֶׁעהְנֶע צְווֵייגֶען ווִיא אַ שָׁאטֶענְדִיגֶער וַואלְד אוּנְד זֶעהְר הוֹיךְ גֶעוַואקְסֶען, אוּנְד זֵיינֶע שְׁפִּיץ אִיז גֶעוֶועזֶען צְווִישֶׁען דִיא דִיקֶע הֶעכְסְטֶע צְווֵייגֶען׃ 4 וָואסֶער הָאבֶּען אִיהְם גְרוֹיס גֶעמַאכְט, אוּנְד דֶער תְּהוֹם הָאט אִיהְם דֶערְהֵייכְט, אִיהְרֶע טֵייכֶען זֶענֶען אַרוּמְגֶעגַאנְגֶען אוּם זֵיינֶע פְלַאנְצֶען, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אוֹיסְגֶעשִׁיקְט אִיהְרֶע קְלֵיינֶע טֵייכְלֶעךְ צוּ אַלֶע בֵּיימֶער פוּן דֶעם פֶעלְד׃ 5 דָארִיבֶּער אִיז זֵיינֶע הֵייךְ הֶעכֶער גֶעוֶוע־זֶען פוּן אַלֶע בֵּיימֶער פוּן דֶעם פֶעלְד, אוּנְד זֵיינֶע צְווֵייגֶען הָאבֶּען זִיךְ גֶעמֶעהְרְט, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זִיךְ דֶערְלֶענְגֶערְט וֶועגֶען דִיא פִילֶע וַואסֶער וָואס עֶר הָאט אוֹיסְגֶעשִׁיקְט׃ 6 אִין זֵיינֶע צְווֵייגֶען הָאבֶּען אַלֶערְלֵייא פֶעגֶעל פוּן דֶעם הִימֶעל גֶעמַאכְט זֵייעֶרֶע נֶעסְטֶער, אוּנְד אוּנְטֶער זֵיינֶע צְווֵייגֶען הָאבֶּען אַלֶערְלֵייא חַיוֹת פוּן דֶעם פֶעלְד גֶעבּוֹירֶען (זֵייעֶרֶע יוּנְגֶען), אוּנְד אִין זֵיין שָׁאטֶען הָאבֶּען אַלֶערְלֵייא פֶעלְקֶער גֶעווָאוֹינְט׃ 7 אוּנְד עֶר אִיז גֶעוֶועזֶען שֶׁעהְן אִין זֵיינֶע גְרוֹיסְקֵייט וֶועגֶען זֵיינֶע לַאנְגֶע צְווֵייגֶען, וָוארִין זֵייא זֶענֶען גֶעוֶועזֶען גֶע־וָוארְצֶעלְט בֵּייא פִילֶע וַואסֶער׃ 8 אַנְדֶערֶע טֶענֶענְבֵּיימֶער הָאבֶּען אִיהְם נִיט גֶעטוּנְקֶעלְט אִין דֶעם גָארְטֶען פוּן גָאט, בּוּקְסֶענְבֵּיימֶער זֶענֶען נִיט גְלֵייךְ גֶעוֶועזֶען צוּ זֵיינֶע צְווֵייגֶען אוּנְד דִיא קֶעסְטֶענְבֵּיימֶער זֶענֶען נִיט גֶעוֶועזֶען אַזוֹי שֶׁעהְן ווִיא זֵיינֶע צְווֵייגֶען, אִין דֶעם גַאנְצֶען גָארְטֶען פוּן גָאט אִיז קֵיינֶער נִיט גֶעגְלִיכֶען גֶעוֶועזֶען צוּ זֵיינֶע שֶׁעהְנְקֵייט׃ 9 אִיךְ הָאבּ אִיהְם שֶׁעהְן גֶעמַאכְט דוּרְךְ זֵיינֶע פִילֶע צְווֵייגֶען, אַזוֹי, דָאס אַלֶע בֵּיימֶער אִין דֶעם גָארְטֶען פוּן גָאט הָאבֶּען אִיהְם מְקַנֵּא גֶעוֶועזֶען׃ 10 דָארוּם, אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר גָאט, ווֵייל דוּא הָאסְט דִיךְ דֶערְהוֹיבֶּען וֶועגֶען דֵיינֶע הֵייךְ, אוּנְד עֶר הָאט זֵיינֶע שְׁפִּיץ גֶעגֶעבֶּען צְווִישֶׁען דִיא דִיקֶע צְווֵייגֶען, אוּנְד עֶר הָאט דֶערְהוֹיבֶּען זֵיין הַארְץ וֶועגֶען זֵיינֶע שְׁטָאלְצְהֵייט׃ 11 דָארוּם הָאבּ אִיךְ אִיהְם אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען אִין דִיא הַאנְד פוּן דֶעם מֶעכְטִיגְסְטֶען פוּן דִיא גוֹיִם, אוּנְד עֶר וֶועט עֶס צוּ אִיהְם גֶעווִיס טְהוּן, נָאךְ זֵיינֶע שְׁלֶעכְטִיגְקֵייט הָאבּ אִיךְ אִיהְם פֶערְטְרִיבֶּען׃ 12 אוּנְד פְרֶעמְדֶע שְׁטַארְקֶע פֶעלְקֶער הָאבֶּען אִיהְם פֶערְשְׁנִיטֶען, אוּנְד הָאבֶּען אִיהְם פֶערְלָאזֶען, אוֹיף דִיא בֶּערְג אוּנְד אוֹיף אִיטְלִיכֶען טְהָאל זֶענֶען זֵיינֶע צְווֵייגֶען גֶעפַאלֶען, אוּנְד זֵיינֶע צְווֵייגֶען זֶענֶען צוּבְּרָאכֶען גֶעוָוארֶען בֵּייא אַלֶע טֵייכֶען פוּן דֶער עֶרְד, אוּנְד פוּן זֵיין שָׁאטֶען זֶענֶען אַלֶע פֶעלְקֶער פוּן דֶעם לַאנְד אַרוּפְּגֶענִידֶערְט אוּנְד הָאבֶּען אִיהְם פֶערְלָאזֶען׃ 13 אוֹיף זֵיינֶע גֶעפַאלֶענֶע וֶועלֶען אַלֶערְלֵייא פֶעגֶעל פוּן דֶעם הִימֶעל רוּהֶען, אוּנְד בֵּייא זֵיינֶע צְווֵייגֶען

זענען

14 וְאֶל־פֹּארֹתָיו הָיוּ כֹּל חַיַּת הַשָּׂדֶה: לְמַעַן אֲשֶׁר לֹא־יִגְבְּהוּ
בְקוֹמָתָם כָּל־עֲצֵי־מַיִם וְלֹא־יִתְּנוּ אֶת־צַמַּרְתָּם אֶל־בֵּין
עֲבֹתִים וְלֹא־יַעַמְדוּ אֵלֵיהֶם בְּגָבְהָם כָּל־שֹׁתֵי מָיִם כִּי כֻלָּם
נִתְּנוּ לַמָּוֶת אֶל־אֶרֶץ תַּחְתִּית בְּתוֹךְ בְּנֵי אָדָם אֶל־יוֹרְדֵי
טו בוֹר: כֹּה־אָמַר אֲדֹנָי יֱהוִֹה בְּיוֹם רִדְתּוֹ שְׁאוֹלָה הֶאֱבַלְתִּי
כִּסֵּתִי עָלָיו אֶת־תְּהוֹם וָאֶמְנַע נַהֲרוֹתֶיהָ וַיִּכָּלְאוּ מַיִם רַבִּים
16 וָאַקְדִּר עָלָיו לְבָנוֹן וְכָל־עֲצֵי הַשָּׂדֶה עָלָיו עֻלְפֶּה: מִקּוֹל
מַפַּלְתּוֹ הִרְעַשְׁתִּי גוֹיִם בְּהוֹרִדִי אֹתוֹ שְׁאוֹלָה אֶת־יוֹרְדֵי בוֹר
וַיִּנָּחֲמוּ בְּאֶרֶץ תַּחְתִּית כָּל־עֲצֵי־עֵדֶן מִבְחַר וְטוֹב־לְבָנוֹן
17 כָּל־שֹׁתֵי מָיִם: גַּם־הֵם אִתּוֹ יָרְדוּ שְׁאוֹלָה אֶל־חַלְלֵי־חָרֶב
18 וּזְרֹעוֹ יָשְׁבוּ בְצִלּוֹ בְּתוֹךְ גּוֹיִם: אֶל־מִי דָמִיתָ כָּכָה בְּכָבוֹד
וּבְגֹדֶל בַּעֲצֵי־עֵדֶן וְהוּרַדְתָּ אֶת־עֲצֵי־עֵדֶן אֶל־אֶרֶץ תַּחְתִּית
בְּתוֹךְ עֲרֵלִים תִּשְׁכַּב אֶת־חַלְלֵי־חֶרֶב הוּא פַרְעֹה וְכָל־
הֲמוֹנֹה נְאֻם אֲדֹנָי יֱהוִֹה:

## לב

לב

א וַיְהִי בִּשְׁתֵּי עֶשְׂרֵה שָׁנָה בִּשְׁנֵי־עָשָׂר חֹדֶשׁ בְּאֶחָד לַחֹדֶשׁ
2 הָיָה דְבַר־יְהוָה אֵלַי לֵאמֹר: בֶּן־אָדָם שָׂא קִינָה עַל־
פַּרְעֹה מֶלֶךְ־מִצְרַיִם וְאָמַרְתָּ אֵלָיו כְּפִיר גּוֹיִם נִדְמֵיתָ
וְאַתָּה כַּתַּנִּים בַּיַּמִּים וַתָּגַח בְּנַהֲרוֹתֶיךָ וַתִּדְלַח־מַיִם
3 בְּרַגְלֶיךָ וַתִּרְפֹּס נַהֲרוֹתָם: כֹּה אָמַר אֲדֹנָי יֱהוִֹה
וּפָרַשְׂתִּי עָלֶיךָ אֶת־רִשְׁתִּי בִּקְהַל עַמִּים רַבִּים וְהֶעֱלוּךָ
4 בְּחֶרְמִי: וּנְטַשְׁתִּיךָ בָאָרֶץ עַל־פְּנֵי הַשָּׂדֶה אֲטִילֶךָ וְהִשְׁכַּנְתִּי
עָלֶיךָ כָּל־עוֹף הַשָּׁמַיִם וְהִשְׂבַּעְתִּי מִמְּךָ חַיַּת כָּל־הָאָרֶץ:
ה וְנָתַתִּי אֶת־בְּשָׂרְךָ עַל־הֶהָרִים וּמִלֵּאתִי הַגֵּאָיוֹת רָמוּתֶךָ:
6 וְהִשְׁקֵיתִי אֶרֶץ צָפָתְךָ מִדָּמְךָ אֶל־הֶהָרִים וַאֲפִקִים יִמָּלְאוּן
7 מִמֶּךָּ: וְכִסֵּיתִי בְכַבּוֹתְךָ שָׁמַיִם וְהִקְדַּרְתִּי אֶת־כֹּכְבֵיהֶם
8 שֶׁמֶשׁ בֶּעָנָן אֲכַסֶּנּוּ וְיָרֵחַ לֹא־יָאִיר אוֹרוֹ: כָּל־מְאוֹרֵי אוֹר

זֶענֶען גֶעוֶועזֶען אַלֶערלֵייא חַיוֹת פוּן דֶעם פֶעלְד: 14 כְּדֵי עֶס זָאלֶען נִיט דֶערְהוֹיבֶּען וֶוערֶען פוּן זֵייעֶר אָרְט קֵיינֶע בֵּיימֶער בֵּייא דֶעם וַואסֶער, אוּנְד אַז זֵייא זָאלֶען נִיט גֶעבֶּען זֵיירֶע שְׁפִּיצִיגֶע צְוַוייגֶען צְוִוישֶׁען דִיא דִיקֶע צְוַוייגֶען, אוּנְד אַז קֵיין בּוֹים וָואס אִיז בֵּייא דֶעם וַואסֶער זָאל נִיט בֶּעשְׁטֶעהְן בֵּייא זֵייא וֶועגֶען זֵיירֶע הֵייךְ, וָוארִין אַלֶע זֶענֶען אַהִינְגֶעגֶעבֶּען צוּ דֶעם טוֹיט אִין דֶעם אוּנְטֶערְשְׁטֶען לַאנְד צְוִוישֶׁען דִיא בְּנֵי־אָדָם וָואס גֶעהֶען אַרוּפּ אִין דִיא גְרוּבּ: 15 וָוארִין אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר גָאט, אִין דֶעם טָאג וֶוען עֶר אִיז אַרוּפְּגֶעגַאנְגֶען אִין דֶעם שְׁאוֹל הָאבּ אִיךְ גֶעמַאכְט אַ טְרוֹיעֶר, אִיךְ הָאבּ פוּן זֵיינֶעטְוֶועגֶען בֶּעדֶעקְט דֶעם תְּהוֹם, אוּנְד אִיךְ הָאבּ פֶערְמִיטֶען זֵיינֶע טֵייכֶען, אוּנְד אֵיינְגֶעהַאלְטֶען דִיא פִילֶע וַואסֶער, אוּנְד אִיךְ הָאבּ זֵיינֶעטְוֶועגֶען שְׁוַוארְץ גֶעמַאכְט דֶעם לְבָנוֹן, אוּנְד אַלֶע בֵּיימֶער פוּן דֶעם פֶעלְד זֶענֶען זֵיינֶעטְוֶועגֶען פֶערְשְׁמַאכְט גֶעוָוארֶען: 16 פוּן דֶעם קוֹל פוּן זֵיינֶע מַפָּלָה הָאבּ אִיךְ גֶעמַאכְט אַלֶע פֶעלְקֶער דֶערְשְׁרֶעקֶען, וֶוען אִיךְ הָאבּ אִיהְם אַרוּנְטֶער גֶעבְּרַאכְט אִין דֶעם שְׁאוֹל מִיט דִיא וָואס נִידֶערְן אַרוּפּ אִין דִיא גְרוּבּ, אוּנְד אִין דֶעם אוּנְטֶערְשְׁטֶען לַאנְד (אִין גֵיהִנָם) הָאבֶּען זִיךְ גֶעטְרֵייסְט אַלֶע בֵּיימֶער פוּן עֵדֶן, דִיא בֶּעסְטֶע אוּנְד גוּטֶע פוּן לְבָנוֹן, אַלֶע וָואס טְרִינְקֶען וַואסֶער: 17 זֵייא זֶענֶען אוֹיךְ מִיט אִיהְם אַרוּנְטֶערְגֶעגַאנְגֶען צוּ דֶעם שְׁאוֹל מִיט דִיא אַנְדֶערֶע דֶערְשְׁלָאגֶענֶע פוּן דֶעם שְׁוֶוערְד, יוֹא, אוֹיךְ דִיא וָואס זֶענֶען גֶעוֶועזֶען זֵיין (שְׁטַארְקֶער) אָרֶעם, וָואס זֶענֶען גֶעזֶעסֶען אִים שָׁאטֶען צְוִוישֶׁען דִיא פֶעלְקֶער: 18 צוּ וֶועמֶען בִּיזְט דוּא דֶען אַזוֹי גֶעגְלִיכֶען אִין כָּבוֹד אוּנְד גְרוֹיסְקֵייט אוּנְטֶער דִיא בֵּיימֶער פוּן עֵדֶן? וָוארִין דוּא וֶועסְט אַרוּנְטֶערְגֶעבְּרַאכְט וֶוערֶען מִיט דִיא בֵּיימֶער פוּן עֵדֶן צוּ דֶעם אוּנְטֶערְשְׁטֶען לַאנְד (אִין גֵיהִנָם), דוּא וֶועסְט לִיגֶען צְוִוישֶׁען דִיא עֲרֵלִים גְלֵייךְ מִיט דִיא דֶערְשְׁלָאגֶענֶע פוּן דֶעם שְׁוֶוערְד, דָאס אִיז פַּרְעֹה אוּנְד זֵיין גַאנְצֶעס פָאלְק, זָאגְט דֶער הַאר גָאט:

## קאפיטעל לב

1 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אִין דֶעם צְוֶועלְפְטֶען יָאהְר, אִין דֶעם עֶרְשְׁטֶען טָאג פוּן דֶעם צְוֶועלְפְטֶען חֹדֶשׁ, אִיז דָאס וָוארְט פוּן דֶעם הַאר צוּ מִיר גֶעוֶועזֶען, אַזוֹי צוּ זָאגֶען: 2 בֶּן־אָדָם, הֶעבּ אוֹיף אַ קְלָאג אִיבֶּער פַּרְעֹה מֶלֶךְ פוּן מִצְרַיִם, אוּנְד דוּא זָאלְסְט צוּ אִיהְם זָאגֶען, דוּא בִּיזְט גֶעגְלִיכֶען צוּ אַ יוּנְגֶען לֵייבּ צְוִוישֶׁען דִיא פֶעלְקֶער, אוּנְד דוּא בִּיזְט אוֹיךְ וִויא אַ גְרוֹיסֶער פִישׁ אִין דִיא יַמִים, אוּנְד דוּא הָאסְט דִיךְ אוֹיסְגֶעשְׁטְרֶעקְט אִין דֵיינֶע טֵייכֶען, אוּנְד דוּא צוּמִישְׁסְט דִיא וַואסֶער מִיט דֵיינֶע פִיס, אוּנְד דוּא מַאכְסְט זֵיירֶע טֵייכֶען שְׁמוּצִיג: 3 אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר גָאט, דָארוּם וֶועל אִיךְ קֶעגֶען דִיר אוֹיסְשְׁפְּרֵייטֶען מֵיין נֶעץ צְוִוישֶׁען דִיא פֶערְזַאמְלוּנְג פוּן פִילֶע פֶעלְקֶער, אוּנְד זֵייא וֶועלֶען דִיךְ אַרוֹיפְבְּרֶענְגֶען אִין מֵיין נֶעץ: 4 אוּנְד דֶערְנָאךְ וֶועל אִיךְ דִיךְ לָאזֶען אִין דֶעם לַאנְד, אוֹיף דֶעם פֶעלְד וֶועל אִיךְ דִיךְ וַוארְפֶען, אוּנְד אִיךְ וֶועל מַאכֶען אַז אַלֶערְלֵייא פֶעגֶעל זָאלֶען אוֹיף דִיר רוּהֶען, אוּנְד אִיךְ וֶועל פוּן דִיר זַאט מַאכֶען דִיא חַיוֹת פוּן דֶעם גַאנְצֶען לַאנְד: 5 אוּנְד אִיךְ וֶועל גֶעבֶּען (לֵייגֶען) דֵיין פְלֵיישׁ אוֹיף דִיא בֶּערְג, אוּנְד אִיךְ וֶועל אָנְפִילֶען דִיא טָאלֶען מִיט דֵיינֶע הֵייךְ: 6 אוּנְד אִיךְ וֶועל מַאכֶען אָנְטְרִינְקֶען דָאס לַאנְד אִין וֶועלְכֶעס דוּא שְׁווִימְסְט מִיט דֵיין בְּלוּט, בִּיז צוּ דִיא בֶּערְג, אוּנְד דִיא טֵייכֶען וֶועלֶען פוּן דִיר דֶערְפִילְט וֶוערֶען: 7 אוּנְד וֶוען אִיךְ וֶועל דִיךְ הָאבֶּען פֶערְלָאשֶׁען, אַזוֹי וֶועל אִיךְ דִיא הִימֶעלְן בֶּעדֶעקֶען, אוּנְד אִיךְ וֶועל זֵיירֶע שְׁטֶערְן טוּנְקֶעל מַאכֶען, אוּנְד דִיא זוּן וֶועל אִיךְ בֶּעדֶעקֶען מִיט דֶעם וָואלְקֶען, אוּנְד דִיא לְבָנָה וֶועט נִיט לָאזֶען לֵייכְטֶען אִיהְר לִיכְט: 8 אַלֶע

בְּשָׁמַיִם אַקְדִּירֵם עָלֶיךָ וְנָתַתִּי חֹשֶׁךְ עַל־אַרְצְךָ נְאֻם אֲדֹנָי
9 יֱהֹוִה׃ וְהִכְעַסְתִּי לֵב עַמִּים רַבִּים בַּהֲבִיאִי שִׁבְרְךָ בַּגּוֹיִם
י עַל־אֲרָצוֹת אֲשֶׁר לֹא־יְדַעְתָּם׃ וַהֲשִׁמּוֹתִי עָלֶיךָ עַמִּים
רַבִּים וּמַלְכֵיהֶם יִשְׂעֲרוּ עָלֶיךָ שַׂעַר בְּעוֹפְפִי חַרְבִּי עַל־
פְּנֵיהֶם וְחָרְדוּ לִרְגָעִים אִישׁ לְנַפְשׁוֹ בְּיוֹם מַפַּלְתֶּךָ׃
11 12 כִּי כֹה אָמַר אֲדֹנָי יֱהֹוִה חֶרֶב מֶלֶךְ־בָּבֶל תְּבוֹאֶךָ׃ בְּחַרְבוֹת
גִּבּוֹרִים אַפִּיל הֲמוֹנֶךָ עָרִיצֵי גוֹיִם כֻּלָּם וְשָׁדְדוּ אֶת־גְּאוֹן
13 מִצְרַיִם וְנִשְׁמַד כָּל־הֲמוֹנָהּ׃ וְהַאֲבַדְתִּי אֶת־כָּל־בְּהֶמְתָּהּ
מֵעַל מַיִם רַבִּים וְלֹא תִדְלָחֵם רֶגֶל־אָדָם עוֹד וּפַרְסוֹת
14 בְּהֵמָה לֹא תִדְלָחֵם׃ אָז אַשְׁקִיעַ מֵימֵיהֶם וְנַהֲרוֹתָם כַּשֶּׁמֶן
טו אוֹלִיךְ נְאֻם אֲדֹנָי יֱהֹוִה׃ בְּתִתִּי אֶת־אֶרֶץ מִצְרַיִם שְׁמָמָה
וּנְשַׁמָּה אֶרֶץ מִמְּלֹאָהּ בְּהַכּוֹתִי אֶת־כָּל־יוֹשְׁבֵי בָהּ וְיָדְעוּ
16 כִּי־אֲנִי יְהֹוָה׃ קִינָה הִיא וְקוֹנְנוּהָ בְּנוֹת הַגּוֹיִם תְּקוֹנֵנָּה
אוֹתָהּ עַל־מִצְרַיִם וְעַל־כָּל־הֲמוֹנָהּ תְּקוֹנֵנָּה אוֹתָהּ נְאֻם
17 אֲדֹנָי יֱהֹוִה׃ וַיְהִי בִּשְׁתֵּי עֶשְׂרֵה שָׁנָה בַּחֲמִשָּׁה עָשָׂר
18 לַחֹדֶשׁ הָיָה דְבַר־יְהֹוָה אֵלַי לֵאמֹר׃ בֶּן־אָדָם נְהֵה עַל־
הֲמוֹן מִצְרַיִם וְהוֹרִדֵהוּ אוֹתָהּ וּבְנוֹת גּוֹיִם אַדִּרִם אֶל־אֶרֶץ
19 תַּחְתִּיּוֹת אֶת־יוֹרְדֵי בוֹר׃ מִמִּי נָעָמְתְּ רְדָה וְהָשְׁכְּבָה
כ אֶת־עֲרֵלִים׃ בְּתוֹךְ חַלְלֵי־חֶרֶב יִפֹּלוּ חֶרֶב נִתָּנָה מָשְׁכוּ
21 אוֹתָהּ וְכָל־הֲמוֹנֶיהָ׃ יְדַבְּרוּ־לוֹ אֵלֵי גִבּוֹרִים מִתּוֹךְ שְׁאוֹל
22 אֶת־עֹזְרָיו יָרְדוּ שָׁכְבוּ הָעֲרֵלִים חַלְלֵי־חָרֶב׃ שָׁם אַשּׁוּר
וְכָל־קְהָלָהּ סְבִיבוֹתָיו קִבְרֹתָיו כֻּלָּם חֲלָלִים הַנֹּפְלִים
23 בֶּחָרֶב׃ אֲשֶׁר נִתְּנוּ קִבְרֹתֶיהָ בְּיַרְכְּתֵי־בוֹר וַיְהִי קְהָלָהּ
סְבִיבוֹת קְבֻרָתָהּ כֻּלָּם חֲלָלִים נֹפְלִים בַּחֶרֶב אֲשֶׁר־נָתְנוּ
24 חִתִּית בְּאֶרֶץ חַיִּים׃ שָׁם עֵילָם וְכָל־הֲמוֹנָהּ סְבִיבוֹת קְבֻרָתָהּ
כֻּלָּם חֲלָלִים הַנֹּפְלִים בַּחֶרֶב אֲשֶׁר־יָרְדוּ עֲרֵלִים ׀ אֶל־אֶרֶץ
תַּחְתִּיּוֹת אֲשֶׁר נָתְנוּ חִתִּיתָם בְּאֶרֶץ חַיִּים וַיִּשְׂאוּ כְלִמָּתָם

לִיכְטֶער וָואס לַייכְטֶען אִין דֶעם הִימֶעל וֶועל אִיךְ אִיבֶּער דִיר טוּנְקֶעל מַאכֶען, אוּנְד אִיךְ וֶועל גֶעבֶּען פִינְסְטֶערְנִיס אִיבֶּער דַיין לַאנְד, זָאגְט דֶער הַאר גָאט: 9 אוּנְד אִיךְ וֶועל מַאכֶען צִיטֶערְן דָאס הַארְץ פוּן פִילֶע פֶעלְקֶער, וֶוען אִיךְ וֶועל בְּרֶענְגֶען דַיין בְּרָאךְ צְוִוישֶׁען דִיא פֶעלְקֶער אִיבֶּער דִיא לֶענְדֶער וָואס זַייא הָאבֶּען נִיט גֶע־קָאנְט: 10 אוּנְד אִיךְ וֶועל אִיבֶּער דִיר פִילֶע פֶעלְקֶער פֶערְוְואוּנְדֶערְן, אוּנְד זַיירֶע מְלָכִים וֶועלֶען אִיבֶּער דִיר שְׁרֶעקְלִיךְ מוֹרָא הָאבֶּען, וֶוען אִיךְ וֶועל מַאכֶען מֵיין שְׁוֶוערְד שְׁוֶועבֶּען פָאר זַיירֶע פֶּענֶעמֶער, אוּנְד זַייא וֶועלֶען צִיטֶערְן יֶעדֶע רֶגַע אִיטְלִיכֶער פַאר זַיין לֶעבֶּען אִין דֶעם טָאג פוּן דַיינֶע מַפָּלָה: 11 וָוארִין אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר גָאט, דָאס שְׁוֶוערְד פוּן דֶעם מֶלֶךְ פוּן בָּבֶל וֶועט אִיבֶּער דִיר אָנְקוּמֶען: 12 דוּרְךְ דִיא שְׁוֶוערְד פוּן דִיא גִבּוֹרִים וֶועל אִיךְ מַאכֶען פַאלֶען דַיינֶע מַאסֶע (פָאלְק), דִיא שְׁטַארְקֶע פוּן דִיא פֶעלְקֶער, זַייא אַלֶע, אוּנְד זַייא וֶועלֶען בֶּע־רוֹיבֶּען דִיא גְרוֹיסְקַייט פוּן מִצְרַיִם, אוּנְד אִיהְרֶע גַאנְצֶע מַאסֶע וֶועט פֶערְטִילְגְט וֶוערֶען: 13 אוּנְד אִיךְ וֶועל פֶערְטִילְגֶען אַלֶע אִיהְרֶע בְּהֵמוֹת פוּן דִיא פִילֶע וַואסֶערְן, אַז דֶער פוּס פוּן מֶענְשֶׁען זָאלֶען עֶס נִיט מֶעהְר צוּמִישֶׁען, אוּנְד דִיא קְלוֹיעֶן פוּן דִיא בְּהֵמוֹת וֶועלֶען עֶס אוֹיךְ נִיט צוּמִישֶׁען: 14 דֶענְסְמָאל וֶועל אִיךְ זַיירֶע וַואסֶער טִיף מַאכֶען, אוּנְד אִיךְ וֶועל מַאכֶען אַז זַיירֶע טַייכֶען וֶועלֶען גֶעהְן אַזוֹי וִויא עֶהְל, זָאגְט דֶער הַאר גָאט: 15 וֶוען אִיךְ וֶועל דָאס לַאנְד מִצְרַיִם אַ פֶערְוִויסְטוּנְג מַאכֶען, אוּנְד דָאס לַאנְד וֶועט זַיין וִויסְט פוּן זַיינֶע פוּלְהֵייט, וֶוען אִיךְ וֶועל שְׁלָאגֶען אִין אִיהְר אַלֶע אֵיינְוְואוֹינֶער, אוּנְד זַייא וֶועלֶען וִויסֶען אַז אִיךְ בִּין דֶער הַאר: 16 דָאס אִיז אַ קְלָאג מִיט וָואס מֶען וֶועט זִיא בֶּעקְלָאגֶען, דִיא טֶעכְטֶער פוּן דִיא גוֹיִם וֶועלֶען זִיא בֶּעקְלָאגֶען, וֶועגֶען מִצְרַיִם אוּנְד וֶועגֶען אִיהְרֶע גַאנְצֶע מַאסֶע פָאלְק זָאלֶען זַייא פַאר אִיהְר קְלָאגֶען, זָאגְט דֶער הַאר גָאט: 17 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אִין דֶעם צְוֶועלְפְטֶען יָאהְר, אִין דֶעם פוּפְצֶעהְנְטֶען טָאג פוּן דֶעם (צְוֶועלְפְטֶען) חֹדֶשׁ, אִיז דָאס וָוארְט פוּן דֶעם הַאר צוּ מִיר גֶעוֶועזֶען, אַזוֹי צוּ זָאגֶען: 18 בֶּן־אָדָם, וֵויין אִיבֶּער דִיא מַאסֶע (פָאלְק) פוּן מִצְרַיִם, אוּנְד בְּרֶענְג זִיא אַרוּנְטֶער, אוּנְד דִיא טֶעכְטֶער פוּן דִיא שְׁטַארְקֶע פֶעלְקֶער צוּ דֶעם אוּנְטֶערְשְׁטֶען לַאנְד, מִיט דִיא וָואס גֶעהֶען אַרוּפ אִין דִיא גְרוּב אַרֵיין: 19 פוּן וֶועמֶען בִּיזְט דוּא דֶען לִיבְּלִיכֶער? גֶעה אַרוּפ אוּנְד לֶעג דִיךְ מִיט דִיא עֲרֵלִים! 20 זַייא וֶועלֶען פַאלֶען צְוִוישֶׁען דִיא דֶערְשְׁלָאגֶענֶע מִיט דֶעם שְׁוֶוערְד, זִיא אִיז אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען צוּ דֶעם שְׁוֶוערְד, צִיהְט זִיא אוּנְד אִיהְרֶע גַאנְצֶע מַאסֶע (פָאלְק): 21 דִיא שְׁטַארְקֶע צְוִוישֶׁען דִיא שְׁטַארְקְסְטֶע וֶועלֶען צוּ אִיהְם רֶעדֶען אוֹיס דֶער מִיטֶען פוּן שְׁאוֹל (גֵיהִנָּם) אוֹיף זַיינֶע הֶעלְפֶּער, זַייא הָאבֶּען אַרוּפְגֶענִידֶערְט, דִיא עֲרֵלִים לִיגֶען דֶערְשְׁלָאגֶען מִיט דֶעם שְׁוֶוערְד: 22 אַשּׁוּר אִיז דָארְט, אוּנְד אִיהְרֶע גַאנְצֶע פֶערְזַאמְלוּנְג רִינְגְס אַרוּם זֶענֶען זַיינֶע קְבָרִים, זַייא זֶענֶען אַלֶע דֶערְשְׁלָאגֶען, גֶעפַאלֶען דוּרְךְ דֶעם שְׁוֶוערְד: 23 זַיירֶע קְבָרִים זֶענֶען אִן דֶער זַייט פוּן דֶער גְרוּב, אוּנְד אִיהְרֶע פֶערְזַאמֶעלְטֶע זֶענֶען רִינְגְס אַרוּם בַּייא אִיהְר קֶבֶר, אַלֶע זֶענֶען דֶערְשְׁלָאגֶענֶע, גֶעפַאלֶען דוּרְךְ דֶעם שְׁוֶוערְד, וָואס זַייא הָאבֶּען גֶעגֶעבֶּען אַ שְׁרֶעק אִין דֶעם לַאנְד פוּן דִיא לֶעבֶּעדִיגֶע: 24 דָארְט אִיז עֵילָם אוּנְד אִיהְרֶע גַאנְצֶע מַאסֶע פָאלְק, רִינְגְס אַרוּם בַּייא אִיהְר קֶבֶר, אַלֶע דֶערְשְׁלָאגֶענֶע זֶענֶען גֶעפַאלֶען דוּרְךְ דֶעם שְׁוֶוערְד, וָואס זֶענֶען אַרוּפְגֶעגַאנְגֶען מִיט דִיא עֲרֵלִים צוּ דֶעם אוּנְטֶערְשְׁטֶען לַאנְד (אִין גֵיהִנָּם) וָואס זַייא הָאבֶּען גֶעגֶעבֶּען זַייעֶר שְׁרֶעק אִין דֶעם לַאנְד פוּן דִיא לֶעבֶּעדִיגֶע, אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶעטְרָאגֶען זַיירֶע שַׁאנְד,

מִיט

מִיט דִיא וָואס גֶעהְן אַרוּפּ אִין דִיא גְרוּבּ: 25 צְווִישֶׁען דִיא דֶערְשְׁלָאגֶענֶע הָאט מֶען צוּ אִיהְר גֶעמַאכְט אִיהְר גֶעלֶעגֶער אוּנְטֶער דִיא מַאסֶע פָאלְק, רִינְגְם אַרוּם זֶענֶען אִיהְרֶע קְבָרִים, אַלֶע זֶענֶען עֲרֵלִים, דֶערְשְׁלָאגֶען דוּרְךְ דֶעם שְׁוֶוערְד, וַוייל זֵייא הָאבֶּען גֶע־גֶעבֶּען זֵייעֶר שְׁרֶעק אִין דֶעם לַאנְד פוּן דִיא לֶעבֶּעדִיגֶע, דָארוּם טְרָאגֶען זֵייא זֵייעֶרֶע שַׁאנְד מִיט דִיא וָואס נִידֶערְן אַרוּפּ אִין דִיא גְרוּבּ, מֶען הָאט אִיהְם אַהִינְגֶע־גֶעבֶּען צְווִישֶׁען דִיא דֶערְשְׁלָאגֶענֶע: 26 דָארְט אִיז מֶשֶׁךְ אוּנְד תּוּבַל, אוּנְד אִיהְרֶע מַאסֶע (פָאלְק) רִינְגְם אַרוּם בֵּייא אִיהְר קֶבֶר, זֵייא זֶענֶען אַלֶע עֲרֵלִים, דֶערְ־שְׁלָאגֶענֶע דוּרְךְ דֶעם שְׁוֶוערְד, וָוארִין זֵייא הָאבֶּען גֶעגֶעבֶּען זֵייעֶר שְׁרֶעק אִין דֶעם לַאנְד פוּן דִיא לֶעבֶּעדִיגֶע: 27 אוּנְד זֵייא זָאלֶען נִיט לִיגֶען בֵּייא דִיא שְׁטַארְקֶע וָואס זֶענֶען גֶעפַאלֶען פוּן דִיא עֲרֵלִים, וָואס זֶענֶען אַרוּפְּגֶעגַאנְגֶען צוּ דֶעם שְׁאוֹל מִיט זֵייעֶרֶע כְּלֵי־מִלְחָמָה, אוּנְד מֶען הָאט גֶעטְהוּן זֵייעֶרֶע שְׁוֶוערְדֶען אוּנְטֶער זֵייעֶרֶע קֶעפּ, אָבֶּער זֵייעֶרֶע זִינְד זָאל זֵיין אוֹיף זֵייא זֶעלְבְּסְט, וָוארִין דִיא גִבּוֹרִים הָאבֶּען גֶעמַאכְט אַ שְׁרֶעק אִין דֶעם לַאנְד פוּן דִיא לֶעבֶּעדִיגֶע: 28 אָבֶּער דוּא וֶועסְט צְווִישֶׁען דִיא עֲרֵלִים צוּבְּרָאכֶען וֶוערֶען, אוּנְד דוּא וֶועסְט דִיךְ לֶעגֶען צְווִישֶׁען דִיא דֶערְשְׁלָאגֶענֶע דוּרְךְ דֶעם שְׁוֶוערְד: 29 דָארְט אִיז אֱדוֹם, אִיהְרֶע מְלָכִים אוּנְד אַלֶע אִיהְרֶע נְשִׂיאִים, וָואס זֶענֶען אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען גֶעוָוארֶען וֶועגֶען אִיהְרֶע שְׁטַארְקַייט מִיט דִיא וָואס זֶענֶען דֶערְשְׁלָאגֶען דוּרְךְ דֶעם שְׁוֶוערְד, זֵייא לִיגֶען מִיט דִיא עֲרֵלִים אוּנְד מִיט דִיא וָואס נִידֶערְן אַרָאפּ אִין דִיא גְרוּבּ: 30 דָארְט זֶענֶען אַלֶע הַארֶען פוּן צָפוֹן, אוּנְד אַלֶע צִידוֹנִים וָואס זֶענֶען אַרוּפְּגֶענִידֶערְט מִיט דִיא דֶערְ־שְׁלָאגֶענֶע, מִיט זֵייעֶר דֶערְשְׁרֶעקֶענִים זֶענֶען זֵייא פֶערְשֶׁעמְט וֶועגֶען זֵייעֶרֶע שְׁטַארְקַייט, אוּנְד דִיא עֲרֵלִים לִיגֶען מִיט דִיא דֶערְשְׁלָאגֶענֶע דוּרְךְ דֶעם שְׁוֶוערְד, אוּנְד זֵייא טְרָאגֶען זֵייעֶרֶע שַׁאנְד מִיט דִיא וָואס גֶעהְן אַרוּפּ אִין דִיא גְרוּבּ: 31 פַּרְעֹה זָאל זֵייא זֶעהֶען אוּנְד עֶר וֶועט זִיךְ טְרֵייסְטֶען וֶועגֶען זֵיינֶער גַאנְצֶען מַאסֶע פָאלְק, פַּרְעֹה אוּנְד דִיא דֶערְשְׁלָאגֶענֶע דוּרְךְ דֶעם שְׁוֶוערְד, אוּנְד זֵיין גַאנְצֶעם חַיִל, זָאגְט דֶער הַאר גָאט: 32 וָוארִין אִיךְ הָאבּ גֶעגֶעבֶּען מֵיין שְׁרֶעקֶען אִין דֶעם לַאנְד פוּן דִיא לֶעבֶּעדִיגֶע, אוּנְד עֶר וֶועט זִיךְ לֶעגֶען צְווִישֶׁען דִיא עֲרֵלִים מִיט דִיא דֶערְשְׁלָאגֶענֶע דוּרְךְ דֶעם שְׁוֶוערְד, פַּרְעֹה אוּנְד זֵיינֶע גַאנְצֶע מַאסֶע פָאלְק, זָאגְט דֶער הַאר גָאט:

קאפיטעל לג

1 אוּנְד דָאס וָוארְט פוּן דֶעם הַאר אִיז צוּ מִיר גֶעוֶועזֶען, אַזוֹי צוּ זָאגֶען: 2 בֶּן־אָדָם, רֶעד צוּ דִיא קִינְדֶער פוּן דֵיין פָאלְק, אוּנְד דוּא זָאלְסְט צוּ זֵייא זָאגֶען, וֶוען אִיךְ בְּרֶענְג אַ שְׁוֶוערְד אוֹיף אַ לַאנְד, אוּנְד וֶוען דָאס פָאלְק פוּן דֶעם לַאנְד נֶעמְט אַ מַאן פוּן צְווִישֶׁען זֵייא, אוּנְד מַאכֶען אִיהְם פַאר זִיךְ צוּ זֵייעֶר וֶועכְטֶער: 3 אוּנְד וֶוען עֶר זֶעהְט דָאס אַ שְׁוֶוערְד קוּמְט אִיבֶּער דֶעם לַאנְד, אוּנְד עֶר בְּלָאזְט שׁוֹפָר, אוּנְד וָוארֶענְט דָאס פָאלְק: 4 אוּנְד דֶער וָואס הֶערְט דָאס קוֹל פוּן דֶעם שׁוֹפָר, אוּנְד לָאזְט זִיךְ נִיט וָוארֶענֶען, אוּנְד וֶוען דָאס שְׁוֶוערְד קוּמְט אָן אוּנְד נֶעמְט אִיהְם אַוֶועק—זֵיין בְּלוּט זָאל זֵיין אוֹיף זֵיין אֵייגֶענֶעם קָאפּ: 5 וָוארִין עֶר הָאט גֶעהֶערְט דָאס קוֹל פוּן דֶעם שׁוֹפָר, אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ נִיט גֶעלָאזְט וָוארֶענֶען, זֵיין בְּלוּט זָאל זֵיין אוֹיף אִיהְם; אָבֶּער דֶער וָואס לָאזְט זִיךְ וָוארֶענֶען, רֶעטֶעט זִיךְ זֶעלְבְּסְט: 6 אָבֶּער וֶוען דֶער וֶועכְטֶער זֶעהְט אַז דָאס שְׁוֶוערְד קוּמְט אָן, אוּנְד עֶר בְּלָאזְט נִיט דֶעם שׁוֹפָר, אוּנְד דָאס פָאלְק וֶוערְט נִיט גֶעוָוארֶענְט, אוּנְד וֶוען דָאס שְׁוֶוערְד קוּמְט אוּנְד נֶעמְט פוּן זֵייא אַ נֶפֶשׁ,

ער

אֶת־יֽוֹרְדֵי בֽוֹר: בְּתוֹךְ חֲלָלִים נָתְנוּ מִשְׁכָּב לָהּ בְּכָל־הֲמוֹנָהּ כה
סְבִיבוֹתָיו קִבְרֹתֶהָ כֻּלָּם עֲרֵלִים חַלְלֵי־חֶרֶב כִּֽי־נִתַּן חִתִּיתָם
בְּאֶרֶץ חַיִּים וַיִּשְׂאוּ כְלִמָּתָם אֶת־יֽוֹרְדֵי בוֹר בְּתוֹךְ חֲלָלִים
26 נִתָּֽן: שָׁם מֶשֶׁךְ תֻּבַל וְכָל־הֲמוֹנָהּ סְבִיבוֹתָיו קִבְרוֹתֶיהָ
כֻּלָּם עֲרֵלִים מְחֻלְלֵי חֶרֶב כִּֽי־נָתְנוּ חִתִּיתָם בְּאֶרֶץ חַיִּֽים:
27 וְלֹא יִשְׁכְּבוּ אֶת־גִּבּוֹרִים נֹפְלִים מֵעֲרֵלִים אֲשֶׁר יָֽרְדוּ־שְׁאוֹל
בִּכְלֵי־מִלְחַמְתָּם וַיִּתְּנוּ אֶת־חַרְבוֹתָם תַּחַת רָאשֵׁיהֶם וַתְּהִי
28 עֲוֺנֹתָם עַל־עַצְמוֹתָם כִּֽי־חִתִּית גִּבּוֹרִים בְּאֶרֶץ חַיִּֽים: וְאַתָּה
29 בְּתוֹךְ עֲרֵלִים תִּשָּׁבַר וְתִשְׁכַּב אֶת־חַלְלֵי־חָֽרֶב: שָׁמָּה אֱדוֹם
מְלָכֶיהָ וְכָל־נְשִׂיאֶיהָ אֲשֶׁר־נִתְּנוּ בִגְבוּרָתָם אֶת־חַלְלֵי־חָרֶב
ל הֵמָּה אֶת־עֲרֵלִים יִשְׁכָּבוּ וְאֶת־יֹרְדֵי בֽוֹר: שָׁמָּה נְסִיכֵי צָפוֹן
כֻּלָּם וְכָל־צִֽדֹנִי אֲשֶׁר־יָרְדוּ אֶת־חֲלָלִים בְּחִתִּיתָם מִגְּבוּרָתָם
בּוֹשִׁים וַיִּשְׁכְּבוּ עֲרֵלִים אֶת־חַלְלֵי־חֶרֶב וַיִּשְׂאוּ כְלִמָּתָם
31 אֶת־יֽוֹרְדֵי בֽוֹר: אוֹתָם יִרְאֶה פַרְעֹה וְנִחַם עַל־כָּל־הֲמוֹנֹה
32 חַלְלֵי־חֶרֶב פַּרְעֹה וְכָל־חֵילוֹ נְאֻם אֲדֹנָי יֱהֹוִֽה: כִּֽי־נָתַתִּי
אֶת־חִתִּיתוֹ בְּאֶרֶץ חַיִּים וְהֻשְׁכַּב בְּתוֹךְ עֲרֵלִים אֶת־חַלְלֵי־
חֶרֶב פַּרְעֹה וְכָל־הֲמוֹנֹה נְאֻם אֲדֹנָי יֱהֹוִֽה:

לג

לג

א 2 וַיְהִי דְבַר־יְהֹוָה אֵלַי לֵאמֹֽר: בֶּן־אָדָם דַּבֵּר אֶל־בְּנֵֽי־עַמְּךָ
וְאָמַרְתָּ אֲלֵיהֶם אֶרֶץ כִּֽי־אָבִיא עָלֶיהָ חָרֶב וְלָקְחוּ עַם־
הָאָרֶץ אִישׁ אֶחָד מִקְצֵיהֶם וְנָתְנוּ אֹתוֹ לָהֶם לְצֹפֶֽה:
3 וְרָאָה אֶת־הַחֶרֶב בָּאָה עַל־הָאָרֶץ וְתָקַע בַּשּׁוֹפָר וְהִזְהִיר
4 אֶת־הָעָֽם: וְשָׁמַע הַשֹּׁמֵעַ אֶת־קוֹל הַשּׁוֹפָר וְלֹא נִזְהָר
ה וַתָּבוֹא חֶרֶב וַתִּקָּחֵהוּ דָּמוֹ בְרֹאשׁוֹ יִהְיֶֽה: אֵת קוֹל
הַשּׁוֹפָר שָׁמַע וְלֹא נִזְהָר דָּמוֹ בּוֹ יִהְיֶה וְהוּא נִזְהָר נַפְשׁוֹ
6 מִלֵּֽט: וְהַצֹּפֶה כִּֽי־יִרְאֶה אֶת־הַחֶרֶב בָּאָה וְלֹֽא־תָקַע
בַּשּׁוֹפָר וְהָעָם לֹֽא־נִזְהָר וַתָּבוֹא חֶרֶב וַתִּקַּח מֵהֶם נָפֶשׁ

הוּא בַּעֲוֺנוֹ נִלְקָח וְדָמוֹ מִיַּד־הַצֹּפֶה אֶדְרֹשׁ׃ וְאַתָּה
7 בֶן־אָדָם צֹפֶה נְתַתִּיךָ לְבֵית יִשְׂרָאֵל וְשָׁמַעְתָּ מִפִּי
8 דָּבָר וְהִזְהַרְתָּ אֹתָם מִמֶּנִּי׃ בְּאָמְרִי לָרָשָׁע רָשָׁע מוֹת
תָּמוּת וְלֹא דִבַּרְתָּ לְהַזְהִיר רָשָׁע מִדַּרְכּוֹ הוּא רָשָׁע בַּעֲוֺנוֹ
9 יָמוּת וְדָמוֹ מִיָּדְךָ אֲבַקֵּשׁ׃ וְאַתָּה כִּי־הִזְהַרְתָּ רָשָׁע מִדַּרְכּוֹ
לָשׁוּב מִמֶּנָּה וְלֹא־שָׁב מִדַּרְכּוֹ הוּא בַּעֲוֺנוֹ יָמוּת וְאַתָּה
י נַפְשְׁךָ הִצַּלְתָּ׃ וְאַתָּה בֶן־אָדָם אֱמֹר אֶל־בֵּית יִשְׂרָאֵל
כֵּן אֲמַרְתֶּם לֵאמֹר כִּי־פְשָׁעֵינוּ וְחַטֹּאתֵינוּ עָלֵינוּ וּבָם
11 אֲנַחְנוּ נְמַקִּים וְאֵיךְ נִחְיֶה׃ אֱמֹר אֲלֵיהֶם חַי־אָנִי ׀ נְאֻם ׀
אֲדֹנָי יֱהֹוִה אִם־אֶחְפֹּץ בְּמוֹת הָרָשָׁע כִּי אִם־בְּשׁוּב רָשָׁע
מִדַּרְכּוֹ וְחָיָה שׁוּבוּ שׁוּבוּ מִדַּרְכֵיכֶם הָרָעִים וְלָמָּה תָמוּתוּ
12 בֵּית יִשְׂרָאֵל׃ וְאַתָּה בֶן־אָדָם אֱמֹר אֶל־בְּנֵי־עַמְּךָ
צִדְקַת הַצַּדִּיק לֹא תַצִּילֶנּוּ בְּיוֹם פִּשְׁעוֹ וְרִשְׁעַת הָרָשָׁע לֹא־
יִכָּשֶׁל בָּהּ בְּיוֹם שׁוּבוֹ מֵרִשְׁעוֹ וְצַדִּיק לֹא יוּכַל לִחְיוֹת בָּהּ
13 בְּיוֹם חֲטֹאתוֹ׃ בְּאָמְרִי לַצַּדִּיק חָיֹה יִחְיֶה וְהוּא־בָטַח
עַל־צִדְקָתוֹ וְעָשָׂה עָוֶל כָּל־צִדְקֹתָו לֹא תִזָּכַרְנָה וּבְעַוְלוֹ
14 אֲשֶׁר־עָשָׂה בּוֹ יָמוּת׃ וּבְאָמְרִי לָרָשָׁע מוֹת תָּמוּת וְשָׁב
טו מֵחַטָּאתוֹ וְעָשָׂה מִשְׁפָּט וּצְדָקָה׃ חֲבֹל יָשִׁיב רָשָׁע גְּזֵלָה
יְשַׁלֵּם בְּחֻקּוֹת הַחַיִּים הָלַךְ לְבִלְתִּי עֲשׂוֹת עָוֶל חָיוֹ יִחְיֶה
16 לֹא יָמוּת׃ כָּל־חַטֹּאתָו אֲשֶׁר חָטָא לֹא תִזָּכַרְנָה לוֹ מִשְׁפָּט
17 וּצְדָקָה עָשָׂה חָיוֹ יִחְיֶה׃ וְאָמְרוּ בְּנֵי עַמְּךָ לֹא יִתָּכֵן דֶּרֶךְ
18 אֲדֹנָי וְהֵמָּה דַּרְכָּם לֹא־יִתָּכֵן׃ בְּשׁוּב־צַדִּיק מִצִּדְקָתוֹ
19 וְעָשָׂה עָוֶל וּמֵת בָּהֶם׃ וּבְשׁוּב רָשָׁע מֵרִשְׁעָתוֹ וְעָשָׂה
כ מִשְׁפָּט וּצְדָקָה עֲלֵיהֶם הוּא יִחְיֶה׃ וַאֲמַרְתֶּם לֹא יִתָּכֵן
דֶּרֶךְ אֲדֹנָי אִישׁ כִּדְרָכָיו אֶשְׁפּוֹט אֶתְכֶם בֵּית יִשְׂרָאֵל׃
21 וַיְהִי בִּשְׁתֵּי עֶשְׂרֵה שָׁנָה בָּעֲשִׂרִי בַּחֲמִשָּׁה לַחֹדֶשׁ
לְגָלוּתֵנוּ בָּא־אֵלַי הַפָּלִיט מִירוּשָׁלַםִ לֵאמֹר הֻכְּתָה

עֶר אִיז אַוֶועקְגֶענוּמֶען אִין זַיינֶער זִינְד; אָבֶּער זַיין בְּלוּט וֶועל אִיךְ פָארְדֶערְן פוּן דֶער הַאנְד פוּן דֶעם וֶועכְטֶער: 7 אוּנְד דוּא בֶּן־אָדָם, אִיךְ הָאבּ דִיךְ גֶעגֶעבֶּען אַלְס וֶועכְטֶער צוּ דֶעם הוֹיז יִשְׂרָאֵל; דָארוּם זָאלְסְט דוּא הֶערֶען דָאס וָוארְט פוּן מֵיין מוֹיל, אוּנְד דוּא זָאלְסְט זֵייא וָוארֶענֶען פוּן מִיר: 8 וֶוען אִיךְ זָאג צוּ דֶעם רָשָׁע, דוּא רָשָׁע וֶועסְט גֶעווִיס שְׁטַארְבֶּען; וֶוען דוּא רֶעדְסְט נִיט כְּדֵי דֶעם רָשָׁע צוּ וָוארֶענֶען פוּן זַיין וֶועג, דֶער רָשָׁע וֶועט שְׁטַארְבֶּען אִין זַיינֶע זִינְד, אָבֶּער זַיין בְּלוּט וֶועל אִיךְ פָארְדֶערְן פוּן דֵיינֶע הַאנְד: 9 אָבֶּער דוּא, וֶוען דוּא וָוארֶענְסְט יוֹא דֶעם רָשָׁע פוּן זַיין וֶועג אַז עֶר זָאל זִיךְ פוּן אִיהְם אוּמְקֶעהְרֶען, אוּנְד עֶר קֶעהְרְט זִיךְ נִיט אוּם פוּן זַיין וֶועג, אַזוֹי וֶועט עֶר שְׁטַארְבֶּען אִין זַיינֶע זִינְד אָבֶּער דוּא הָאסְט דֵיין נֶפֶשׁ מַצִּיל גֶעוֶועזֶען: 10 אוּנְד דוּא בֶּן־אָדָם, זָאג צוּ דֶעם הוֹיז יִשְׂרָאֵל, אַזוֹי זָאגְט אִיהְר—וֶוען אוּנְזֶערֶע פְּשָׁעִים אוּנְד אוּנְזֶערֶע זִינְד זֶענֶען אוֹיף אוּנְס, אוּנְד מִיר קוּמֶען אוּם דוּרְךְ זֵייא, וִויא זָאלֶען מִיר דֶען לֶעבֶּען? 11 זָאג צוּ זֵייא, אַזוֹי וָואהְר וִויא אִיךְ לֶעבּ, זָאגְט דֶער הַאר גָאט, אִיךְ פֶערְלַאנְג נִיט דֶעם טוֹיט פוּן דֶעם רָשָׁע; נֵייעֶרְט וֶוען דֶער רָשָׁע וֶועט זִיךְ אוּמְקֶעהְרֶען פוּן זַיין וֶועג, אַזוֹי וֶועט עֶר לֶעבֶּען; קֶעהְרְט אֵייךְ אוּם, קֶעהְרְט אֵייךְ אוּם פוּן אֵיירֶע שְׁלֶעכְטֶע וֶועגֶען, פַארְוָואס זָאלְט אִיהְר דֶען שְׁטַארְבֶּען, אָ הוֹיז פוּן יִשְׂרָאֵל? 12 דָארוּם דוּא בֶּן־אָדָם, זָאג צוּ דִיא קִינְדֶער פוּן דַיין פָאלְק, דָאס צְדָקוֹת פוּן דֶעם צַדִּיק וֶועט אִיהְם נִיט מַצִּיל זַיין אִין דֶעם טָאג וֶוען עֶר זִינְדִיגְט, אוּנְד דָאס רִשְׁעַת פוּן דֶעם רָשָׁע—עֶר וֶועט נִיט דַאדוּרְךְ גֶעשְׁטְרוֹיכֶעלְט וֶוערֶען אִין דֶעם טָאג וָואס עֶר קֶעהְרְט זִיךְ אוּם פוּן זַיין רִשְׁעַת—דֶער צַדִּיק וֶועט נִיט קֶענֶען לֶעבֶּען בְּלֵייבֶּען דוּרְךְ זַיין צְדָקוֹת אִין דֶעם טָאג וֶוען עֶר זִינְדִיגְט: 13 וֶוען אִיךְ זָאג צוּ דֶעם צַדִּיק, אַז עֶר זָאל גֶעווִיס לֶעבֶּען, אוּנְד עֶר פֶערְזִיכֶערְט זִיךְ אוֹיף זַיין צְדָקוֹת, אוּנְד טְהוּט אוּמְרֶעכְט, אַלֶע זַיינֶע צְדָקוֹת זָאלֶען נִיט גֶעדַאכְט וֶוערֶען, נֵייעֶרְט אִין זַיינֶע אוּמְגֶערֶעכְטִיגְקֵייט וָואס עֶר הָאט גֶעטְהוּן פַאר דֶעם זָאל עֶר שְׁטַארְבֶּען: 14 אָבֶּער וֶוען אִיךְ זָאג צוּ דֶעם רָשָׁע, דוּא וֶועסְט גֶעווִיס שְׁטַארְבֶּען; אוּנְד וֶוען עֶר קֶעהְרְט זִיךְ אַוֶועק פוּן זַיינֶע זִינְד אוּנְד טְהוּט רֶעכְט אוּנְד גֶערֶעכְטִיגְקֵייט: 15 וֶוען דֶער רָשָׁע גִיבְּט צוּרִיק דָאס מַשְׁכּוֹן, אוּנְד בֶּעצָאהְלְט פַאר דִיא גְזֵילָה, אוּנְד גֶעהְט לוֹיט דֶעם גֶעזֶעץ פוּן לֶעבֶּען כְּדֵי עֶר זָאל קֵיין אוּמְרֶעכְט טְהוּן, עֶר זָאל גֶעווִיס לֶעבֶּען, עֶר זָאל נִיט שְׁטַארְבֶּען: 16 אַלֶע זַיינֶע זִינְד וָואס עֶר הָאט גֶעזִינְדִיגְט זָאלֶען אִיהְם נִיט גֶעדַאכְט וֶוערֶען, עֶר הָאט גֶעטְהוּן רֶעכְט אוּנְד גֶערֶעכְטִיגְקֵייט, עֶר זָאל גֶעווִיס לֶעבֶּען: 17 אוּנְד דָאךְ זָאגֶען דִיא קִינְדֶער פוּן דַיין פָאלְק, דֶער וֶועג פוּן דֶעם הַאר אִיז נִיט רֶעכְט, אָבֶּער זֵייעֶר וֶועג אִיז נִיט רֶעכְט: 18 וֶוען דֶער צַדִּיק קֶעהְרְט זִיךְ אַוֶועק פוּן זַיין צְדָקוֹת אוּנְד טְהוּט אוּמְרֶעכְט, אַזוֹי זָאל עֶר דַאדוּרְךְ שְׁטַארְבֶּען: 19 אוּנְד וֶוען דֶער רָשָׁע קֶעהְרְט זִיךְ אוּם פוּן זַיין רִשְׁעוּת אוּנְד טְהוּט רֶעכְט אוּנְד גֶערֶעכְטִיגְקֵייט, עֶר זָאל דוּרְךְ זֵייא לֶעבֶּען: 20 אוּנְד דָאךְ זָאגְט אִיהְר דֶער וֶועג פוּן דֶעם הַאר אִיז נִיט רֶעכְט, אָ הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן יִשְׂרָאֵל! אִיךְ וֶועל אֵייךְ מִשְׁפָּט׳ן אִיטְלִיכֶען נָאךְ זַיינֶע וֶועגֶען: 21 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אִין דֶעם צְוֶועלְפְטֶען יָאהְר פוּן אוּנְזֶער גָלוּת, אִין דֶעם צֶעהְנְטֶען חֹדֶשׁ, אִין דֶעם פִינְפְטֶען טָאג, אִיז צוּ מִיר גֶעקוּמֶען אֵיין אַנְטְרוּנֶעגֶער פוּן יְרוּשָׁלַיִם, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט,

הָעִיר׃ וְיַד־יְהוָה הָיְתָה אֵלַי בָּעֶרֶב לִפְנֵי בּוֹא הַפָּלִיט 22
וַיִּפְתַּח אֶת־פִּי עַד־בּוֹא אֵלַי בַּבֹּקֶר וַיִּפָּתַח פִּי וְלֹא נֶאֱלַמְתִּי
עוֹד׃ וַיְהִי דְבַר־יְהוָה אֵלַי לֵאמֹר׃ בֶּן־אָדָם יֹשְׁבֵי 23 24
הֶחֳרָבוֹת הָאֵלֶּה עַל־אַדְמַת יִשְׂרָאֵל אֹמְרִים לֵאמֹר אֶחָד
הָיָה אַבְרָהָם וַיִּירַשׁ אֶת־הָאָרֶץ וַאֲנַחְנוּ רַבִּים לָנוּ נִתְּנָה
הָאָרֶץ לְמוֹרָשָׁה׃ לָכֵן אֱמֹר אֲלֵיהֶם כֹּה־אָמַר ׀ אֲדֹנָי כה
יְהוִה עַל־הַדָּם ׀ תֹּאכֵלוּ וְעֵינֵכֶם תִּשְׂאוּ אֶל־גִּלּוּלֵיכֶם וְדָם
תִּשְׁפֹּכוּ וְהָאָרֶץ תִּירָשׁוּ׃ עֲמַדְתֶּם עַל־חַרְבְּכֶם עֲשִׂיתֶן 26
תּוֹעֵבָה וְאִישׁ אֶת־אֵשֶׁת רֵעֵהוּ טִמֵּאתֶם וְהָאָרֶץ תִּירָשׁוּ׃
כֹּה־תֹאמַר אֲלֵהֶם כֹּה־אָמַר אֲדֹנָי יְהוִה חַי־אָנִי אִם־לֹא 27
אֲשֶׁר בֶּחֳרָבוֹת בַּחֶרֶב יִפֹּלוּ וַאֲשֶׁר עַל־פְּנֵי הַשָּׂדֶה לַחַיָּה
נְתַתִּיו לְאָכְלוֹ וַאֲשֶׁר בַּמְּצָדוֹת וּבַמְּעָרוֹת בַּדֶּבֶר יָמוּתוּ׃
וְנָתַתִּי אֶת־הָאָרֶץ שְׁמָמָה וּמְשַׁמָּה וְנִשְׁבַּת גְּאוֹן עֻזָּהּ וְשָׁמְמוּ 28
הָרֵי יִשְׂרָאֵל מֵאֵין עוֹבֵר׃ וְיָדְעוּ כִּי־אֲנִי יְהוָה בְּתִתִּי אֶת־ 29
הָאָרֶץ שְׁמָמָה וּמְשַׁמָּה עַל כָּל־תּוֹעֲבֹתָם אֲשֶׁר עָשׂוּ׃
וְאַתָּה בֶן־אָדָם בְּנֵי עַמְּךָ הַנִּדְבָּרִים בְּךָ אֵצֶל הַקִּירוֹת ל
וּבְפִתְחֵי הַבָּתִּים וְדִבֶּר־חַד אֶת־אַחַד אִישׁ אֶת־אָחִיו לֵאמֹר
בֹּאוּ־נָא וְשִׁמְעוּ מָה הַדָּבָר הַיּוֹצֵא מֵאֵת יְהוָה׃ וְיָבוֹאוּ 31
אֵלֶיךָ כִּמְבוֹא־עָם וְיֵשְׁבוּ לְפָנֶיךָ עַמִּי וְשָׁמְעוּ אֶת־דְּבָרֶיךָ
וְאוֹתָם לֹא יַעֲשׂוּ כִּי־עֲגָבִים בְּפִיהֶם הֵמָּה עֹשִׂים אַחֲרֵי
בִּצְעָם לִבָּם הֹלֵךְ׃ וְהִנְּךָ לָהֶם כְּשִׁיר עֲגָבִים יְפֵה קוֹל 32
וּמֵטִב נַגֵּן וְשָׁמְעוּ אֶת־דְּבָרֶיךָ וְעֹשִׂים אֵינָם אוֹתָם׃ וּבְבֹאָהּ 33
הִנֵּה בָאָה וְיָדְעוּ כִּי נָבִיא הָיָה בְתוֹכָם׃

## לד לד

וַיְהִי דְבַר־יְהוָה אֵלַי לֵאמֹר׃ בֶּן־אָדָם הִנָּבֵא עַל־רוֹעֵי א 2
יִשְׂרָאֵל הִנָּבֵא וְאָמַרְתָּ אֲלֵיהֶם לָרֹעִים כֹּה־אָמַר ׀ אֲדֹנָי
יְהוִה הוֹי רֹעֵי־יִשְׂרָאֵל אֲשֶׁר הָיוּ רֹעִים אוֹתָם הֲלוֹא
הַצֹּאן יִרְעוּ הָרֹעִים׃ אֶת־הַחֵלֶב תֹּאכֵלוּ וְאֶת־הַצֶּמֶר 3

דיא שטאט איז געשלאגען געווארען: 22 אונד דיא האנד פון גאט איז אויף מיר געוועזען, אם אבענד איידער דער אנטרונענער איז אנגעקומען, אונד ער האט אויפגעמאכט מיין מויל, ביז דער אנטרונענער איז צו מיר אין דעם פריה־מארגען אנגעקומען, אונד ווען ער האט אויפגעמאכט מיין מויל אזוי בין איך ניט מעהר שטום געוועזען: 23 אונד דאס ווארט פון דעם האר איז צו מיר געוועזען, אזוי צו זאגען: 24 בן־אדם, דיא וואס בעוואוינען דיא דאזיגע חורבות אויף דעם לאנד ישראל זאגען, אזוי צו זאגען; אברהם איז געוועזען איינער, אונד ער האט געירשט דאס לאנד, אונד מיר זענען פילע; אזוי איז דאס לאנד צו אונס געגעבען אלס ירושה: 25 דארום זאג צו זייא, אזוי זאגט דער האר גאט, איהר עסט מיט דעם בלוט, אונד איהר העבט אויף אייערע אויגען צו אייערע אפגעטער, אונד איהר פערגיסט בלוט, אונד זאלט איהר דאס לאנד ירשנ׳ן? 26 איהר שטעלט אייך אויף אייער שווערד, אונד איהר טהוט אומווערדיגע מעשים, איטליכער פעראונרייניגט דאס ווייב פון זיין פריינד, אונד זאלט איהר ירשנ׳ן דאס לאנד? 27 אזוי זאלסט דוא צו זייא זאגען, אזוי זאגט דער האר גאט, אזוי וואהר ווי איך לעב, אויב דיא וואס זענען אין דיא חורבות וועלען ניט פאלען דורך דעם שווערד, אונד דיא וואס זענען אויף דעם פעלד וועלען ניט אהינגעגעבען ווערען צו דיא חיות אויפגעפרעסען צו ווערען, אונד אין דיא פעסטונגען אונד אין דיא העלען וועלען ניט שטארבען דורך דיא פעסט? 28 אונד איך וועל דאס לאנד גאנץ וויסט מאכען, אונד דיא גרויסקייט פון איהרע שטארקהייט וועט אויפהערען, אונד דיא בערג פון ישראל וועלען (אויך) זיין וויסט אז קיינער וועט ניט דורכגעהען: 29 אונד זייא וועלען וויסען אז איך בין דער האר, ווען איך וועל דאס לאנד אים גאנצען וויסט מאכען וועגען אלע זיירע אומווערדיגע מעשים וואס זייא האבען געטהון: 30 אונד דוא בן־אדם, דיא קינדער פון דיין פאלק רעדען נאך קעגען דיר ביייא דיא ווענד אונד ביייא דיא טירען פון דיא הייזער, אונד זייא רעדען איינער צו דעם אנדערן, אונד איין ברודער צו דעם אנדערן, אזוי צו זאגען, קומט דאך אונד לאמער הערען וואס דאס ווארט איז וואס קומט ארויס פון דעם האר: 31 אונד זייא וועלען צו דיר קומען אזוי ווי א (פרום) פאלק, אונד זייא וועלען פאר דיר זיצען אזוי ווי מיין פאלק, אונד זייא וועלען צוהערען דיינע ווערטער אבער זייא וועלען זייא ניט טהון, ווארין זייא טהון נור לויבען מיט זייער מויל, אבער זייא געהען נאך מיט זייער הארץ נאך גייצהייט: 32 אונד זעה, דוא ביזט צו זייא ווי א ליבליכעס ליד, א שעהן קול אונד גוט געשפיעלט, אונד זייא וועלען צוהערען דיינע ווערטער, אבער זייא וועלען זייא ניט טהון: 33 אונד ווען דאס קומט (ועה עס מוז אנ־קומען) אזוי וועלען זייא וויסען אז עס איז צווישען זייא געוועזען א נביא:

## קאפיטעל לד

1 אונד דאס ווארט פון דעם האר איז צו מיר געוועזען, אזוי צו זאגען: 2 בן־אדם, זאג נבואות איבער דיא פאסטוכער פון ישראל—זאג נבואות, אונד דוא זאלסט צו זייא זאגען, אזוי זאגט דער האר גאט צו דיא פאסטוכער, אוי וועה צו דיא פאסטוכער פון ישראל, וואס האבען זיך אליין געפיטערט! זאלטען ניט דיא פאסטוכער ווייַדען דיא שאף? 3 דאס בעסטע (חלב) האט איהר געגעסען, אונד מיט דיא וואל

האט

4 תִּלְבָּשׁוּ הַבְּרִיאָה תִּזְבָּחוּ הַצֹּאן לֹא תִרְעוּ׃ אֶת־הַנַּחְלוֹת
לֹא חִזַּקְתֶּם וְאֶת־הַחוֹלָה לֹא־רִפֵּאתֶם וְלַנִּשְׁבֶּרֶת לֹא
חֲבַשְׁתֶּם וְאֶת־הַנִּדַּחַת לֹא הֲשֵׁבֹתֶם וְאֶת־הָאֹבֶדֶת לֹא
ה בִקַּשְׁתֶּם וּבְחָזְקָה רְדִיתֶם אֹתָם וּבְפָרֶךְ׃ וַתְּפוּצֶינָה מִבְּלִי
רֹעֶה וַתִּהְיֶינָה לְאָכְלָה לְכָל־חַיַּת הַשָּׂדֶה וַתְּפוּצֶינָה׃
6 יִשְׁגּוּ צֹאנִי בְּכָל־הֶהָרִים וְעַל כָּל־גִּבְעָה רָמָה וְעַל כָּל־
7 פְּנֵי הָאָרֶץ נָפֹצוּ צֹאנִי וְאֵין דּוֹרֵשׁ וְאֵין מְבַקֵּשׁ׃ לָכֵן
8 רֹעִים שִׁמְעוּ אֶת־דְּבַר יְהוָה׃ חַי־אָנִי נְאֻם ׀ אֲדֹנָי יְהוִה
אִם־לֹא יַעַן הֱיוֹת־צֹאנִי ׀ לָבַז וַתִּהְיֶינָה צֹאנִי לְאָכְלָה לְכָל־
חַיַּת הַשָּׂדֶה מֵאֵין רֹעֶה וְלֹא־דָרְשׁוּ רֹעַי אֶת־צֹאנִי וַיִּרְעוּ
9 הָרֹעִים אוֹתָם וְאֶת־צֹאנִי לֹא רָעוּ׃ לָכֵן הָרֹעִים שִׁמְעוּ
י דְּבַר־יְהוָה׃ כֹּה־אָמַר אֲדֹנָי יְהוִה הִנְנִי אֶל־הָרֹעִים
וְדָרַשְׁתִּי אֶת־צֹאנִי מִיָּדָם וְהִשְׁבַּתִּים מֵרְעוֹת צֹאן וְלֹא־
יִרְעוּ עוֹד הָרֹעִים אֹתָם וְהִצַּלְתִּי צֹאנִי מִפִּיהֶם וְלֹא־תִהְיֶיןָ
11 לָהֶם לְאָכְלָה׃ כִּי כֹּה אָמַר אֲדֹנָי יְהוִה הִנְנִי־אָנִי
12 וְדָרַשְׁתִּי אֶת־צֹאנִי וּבִקַּרְתִּים׃ כְּבַקָּרַת רֹעֶה עֶדְרוֹ בְּיוֹם
הֱיוֹתוֹ בְתוֹךְ־צֹאנוֹ נִפְרָשׁוֹת כֵּן אֲבַקֵּר אֶת־צֹאנִי וְהִצַּלְתִּי
אֶתְהֶם מִכָּל־הַמְּקוֹמֹת אֲשֶׁר נָפֹצוּ שָׁם בְּיוֹם עָנָן וַעֲרָפֶל׃
13 וְהוֹצֵאתִים מִן־הָעַמִּים וְקִבַּצְתִּים מִן־הָאֲרָצוֹת וַהֲבִיאוֹתִים
אֶל־אַדְמָתָם וּרְעִיתִים אֶל־הָרֵי יִשְׂרָאֵל בָּאֲפִיקִים וּבְכֹל
14 מוֹשְׁבֵי הָאָרֶץ׃ בְּמִרְעֶה־טּוֹב אֶרְעֶה אֹתָם וּבְהָרֵי מְרוֹם־
יִשְׂרָאֵל יִהְיֶה נְוֵהֶם שָׁם תִּרְבַּצְנָה בְּנָוֶה טּוֹב וּמִרְעֶה שָׁמֵן
טו תִּרְעֶינָה אֶל־הָרֵי יִשְׂרָאֵל׃ אֲנִי אֶרְעֶה צֹאנִי וַאֲנִי אַרְבִּיצֵם
16 נְאֻם אֲדֹנָי יְהוִה׃ אֶת־הָאֹבֶדֶת אֲבַקֵּשׁ וְאֶת־הַנִּדַּחַת אָשִׁיב
וְלַנִּשְׁבֶּרֶת אֶחֱבֹשׁ וְאֶת־הַחוֹלָה אֲחַזֵּק וְאֶת־הַשְּׁמֵנָה וְאֶת־
17 הַחֲזָקָה אַשְׁמִיד אֶרְעֶנָּה בְמִשְׁפָּט׃ וְאַתֵּנָה צֹאנִי כֹּה אָמַר
אֲדֹנָי יְהוִה הִנְנִי שֹׁפֵט בֵּין־שֶׂה לָשֶׂה לָאֵילִים וְלָעַתּוּדִים׃

האָט איהר אייך אָנגעקליידט, אונד דיא
פעטסטע האָט איהר געשאָכטען, אָבער
איהר האָט ניט געווייד'עט דיא שאָף׃ 4 דיא
שוואַכע האָט איהר ניט שטאַרק געמאַכט,
אונד דיא קראַנקע האָט איהר ניט אויסגע־
היילט, אונד דיא געבראָכענע האָט איהר
ניט פערבונדען, אונד דאָס פערשטויסענע
האָט איהר ניט צוריקגעבראַכט, אונד דיא
פערלוירענע האָט איהר ניט געזוכט, נייר־
ערט איהר האָט איבער זייא געוועלטיגט
מיט מאַכט אונד מיט שווערע אַרבייט׃
5 אונד זייא זענען פערשפּרייט געוואָרען,
ווייל עס איז ניט דאָ קיין פּאַסטוך, אונד
זייא זענען געוואָרען אַלס עסען פאַר אַלע
חַיוֹת פון דעם פעלד, ווען זייא זענען פער־
שפּרייט געוואָרען׃ 6 מיינע שאָף זענען
פאַראירט אויף אַלע בערג, אונד אויף
איטליכען הויכען היגעל, אונד איבער דעם
גאַנצען לאַנד זענען מיינע שאָף פער־
שפּרייט, אונד קיינער פאָרשט ניט נאָך
אונד קיינער זוכט זייא ניט׃ 7 דאָרום איר
איהר פּאַסטוכער, הערט דאָס וואָרט פון
גאָט׃ 8 אַזוי וואָהר וויא איך לעב,
זאָגט דער האַר גאָט, בְּאֱמֶת, ווייל מיינע
שאָף זענען געוואָרען צום רויב, אונד מיינע
שאָף זענען געוואָרען אַלס עסען פאַר אַלע חַיוֹת פון דעם פעלד ווייל זייא האָבען ניט גע־
האַט אַ (רעכטען) פּאַסטוך, אונד מיינע פּאַסטוכער האָבען ניט געזוכט מיינע שאָף, נייערט
דיא פּאַסטוכער האָבען זיך זעלבּסט געפּאַשעט, אָבער מיינע שאָף האָבען זייא ניט גע־
פּאַשעט׃ 9 דאָרום, איר איהר פּאַסטוכער, הערט דאָס וואָרט פון דעם האַר׃ 10 אַזוי זאָגט
דער האַר גאָט, זעה, איך בין קעגען דיא פּאַסטוכער, אונד איך וועל מיינע שאָף פאָדערן
פון זייערע הענד, אונד איך וועל זייא מאַכען אויפהערען צו זיין פּאַסטוכער פון דיא שאָף,
אונד דיא פּאַסטוכער וועלען זיך ניט מעהר אַליין פון זייא ווייד'ען, אונד איך וועל מיינע
שאָף מַצִיל זיין פון זייער מויל, אַז זייא זאָלען ניט מעהר פאַר זייא זיין צום עסען׃
11 וואָרין אַזוי זאָגט דער האַר גאָט, זעה, איך אַליין וועל אויספאָרשען מיינע שאָף אונד
איך וועל זייא אויסזוכען׃ 12 אַזוי וויא אַ פּאַסטוך פאָרשט אויס זיינע שאָף אין דעם טאָג
וואָס ער איז צווישען זיינע שאָף וואָס זענען צושטרייעט, אַזוי וועל איך אויספאָרשען
מיינע שאָף, אונד איך וועל זייא מַצִיל זיין פון אַלע ערטער וואו זייא זענען דאָרט אַהין
פערשפּרייט געוואָרען אין דעם טאָג פון אַ וואָלקען אונד טונקעלהייט׃ 13 אונד איך
וועל זייא אַרויסברענגען פון דיא פעלקער, אונד איך וועל זייא איינזאַמעלן פון דיא
לענדער, אונד איך וועל זייא אַריינברענגען צו זייער (אייגען) לאַנד, אונד איך וועל
זייא (פּאַשען) ווייד'ען אויף דיא בערג פון יִשְׂרָאֵל, בייא דיא טייכען אונד בייא אַלע
בעוואוינטע ערטער פון דעם לאַנד׃ 14 אויף אַ גוטען ווייד'ע אָרט וועל איך זייא פּאַ־
שען, אונד אויף דיא הויכע בערג פון יִשְׂרָאֵל וועט זיין זייערע וואוינונג, דאָרט וועלען
זייא רוהען, אויף אַ גוטען ווייד'ע־אָרט, אונד זייא וועלען זיך פּאַשען אויף אַ פעטען
אָרט, אויף דיא בערג פון יִשְׂרָאֵל׃ 15 איך וועל ווייד'ען מיינע שאָף, אונד איך וועל
זייא מאַכען רוהען, זאָגט דער האַר גאָט׃ 16 דיא פערלוירענע וועל איך זוכען,
אונד דיא פערשטויסענע וועל איך צוריקברענגען, אונד דיא צובראָכענע וועל איך
פערבינדען, אונד דיא קראַנקע וועל איך שטאַרקען, אָבער דיא פעטע אונד
דיא שטאַרקע וועל איך פערטילגען, איך וועל זייא פּאַשען מיט מִשְׁפָּט׃
17 אָבער וואָס מיינע שאָף אָנבעלאַנגט, אַזוי זאָגט דער האַר גאָט, זעה, איך וועל
מִשְׁפָּט'ן צווישען לעמער אונד צווישען דיא ווידער אונד בעק:
איז

18 איז עס וֶועניג פוּן אֵייךְ אַז אִיהְר פַּאשֶׁעט אַייךְ זֶעלְבְּסְט אוֹיף דֶער גוּטֶע ווֵיידֶע, אוּנְד דָאס אִיבְּרִיגֶע פוּן אֵיירֶע וֵוייִדע טְהוּט אִיהְר צוּטְרֶעטֶען מִיט אֵיירֶע פִּים? אוּנְד אִיהְר טְרִינְקְט פוּן דֶעם (טִיפֶען) קְלָארֶען וַואסֶער אָבֶּער דָאס אִיבְּרִיגֶע מוּזְט אִיהְר מִיט אֵיירֶע פִּים אוֹיסְמִישֶׁען (פֶערְשְׁמוּצֶען)? 19 אָבֶּער מֵיינֶע שָׁאף מוּזֶען זִיךְ וֵוייִדען מִיט דֶעם וָואס אֵיירֶע פִּים הָאבֶּען צוּטְרֶעטֶען, אוּנְד דָאס וָואס אִיהְר הָאט אוֹיסְגֶעמִישְׁט (פֶערְשְׁמוּצְט) מִיט אֵיירֶע פִּים מוּזֶען זֵייא טְרִינְקֶען: 20 דָארוּם אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר גָאט צוּ זֵייא, זֶעה, אִיךְ—אִיךְ אַלֵיין וֶועל מִשְׁפָּטִ'ן צְווִישֶׁען דֶעם פֶעטֶען לַאם אוּנְד צְווִישֶׁען דֶעם מָאגֶערְן לַאם: 21 וֵוייל אִיהְר הָאט גֶעשְׁטוֹיסֶען מִיט אֵיירֶע זֵייט אוּנְד אַקְסֶעל, אוּנְד אִיהְר הָאט מִיט אֵיירֶע הֶערְנֶער גֶעשְׁטוֹיסֶען אַלֶע קְרַאנְקֶע, בִּיז אִיהְר הָאט זֵייא פֶערְשְׁפְּרֵייט דְרוֹיסֶען אוֹיף דֶער גַאס: 22 אוּנְד אִיךְ וֶועל מֵיינֶע שָׁאף הֶעלְפֶען כְּדֵי זֵייא זָאלֶען נִיט מֶעהְר זַיין צוּם רוֹיבּ, אוּנְד אִיךְ וֶועל מִשְׁפָּטִ'ן צְווִישֶׁען לַאם אוּנְד לַאם: 23 אוּנְד אִיךְ וֶועל אִיבֶּער זֵייא אוֹיפְשְׁטֶעלֶען אֵיין פַּאסְטוּךְ, אוּנְד עֶר וֶועט זֵייא פַּאשֶׁען, דְהַיְינוּ מֵיין קְנֶעכְט דָוִד, עֶר וֶועט זֵייא וֵוייִדען, אוּנְד עֶר וֶועט זַיין זֵייעֶר פַּאסְטוּךְ: 24 אוּנְד אִיךְ דֶער הַאר וֶועל זַיין צוּ זֵייא פַאר אַ גָאט, אוּנְד מֵיין קְנֶעכְט דָוִד וֶועט זַיין צְווִישֶׁען זֵייא אַ הַאר, אִיךְ דֶער הַאר הָאבּ עֶס גֶערֶעט: 25 אוּנְד אִיךְ וֶועל מִיט זֵייא מַאכֶען אַ בְּרִית פוּן שָׁלוֹם, אוּנְד אִיךְ וֶועל לָאזֶען אוֹיפְהֶערֶען דִיא בֵּייזֶע (ווִילְדֶע) חַיוֹת פוּן דֶעם לַאנְד, אוּנְד זֵייא וֶועלֶען (קֶענֶען) ווָאוֹינֶען אִין דֶער מִדְבָּר אִין זִיכֶערְהֵייט, אוּנְד זֵייא וֶועלֶען (קֶענֶען) שְׁלָאפֶען אִין דִיא וֶועלְדֶער: 26 אוּנְד אִיךְ וֶועל זֵייא מַאכֶען רִינְגְס אַרוּם מֵיינֶע הוֹיכֶע (בֶּערְג) אַ בְּרָכָה, אוּנְד אִיךְ וֶועל מַאכֶען אַרוּפְּנִידֶערְן דֶעם רֶעגֶען אִין זַיינֶע צֵייט, עֶס וֶועלֶען זַיין גֶעבֶּענְשְׁטֶע רֶעגֶען: 27 אוּנְד דֶער בּוֹים פוּן דֶעם פֶעלְד וֶועט גֶעבֶּען זַיינֶע פֵּירוֹת, אוּנְד דָאס לַאנְד וֶועט גֶעבֶּען אִיהְר גֶעווֶעקְס, אוּנְד דָאס לַאנְד וֶועט זַיין צוּ זִיכֶערְהֵייט, אוּנְד זֵייא וֶועלֶען ווִיסֶען אַז אִיךְ בִּין דֶער הַאר, ווֶען אִיךְ וֶועל צוּבְּרֶעכֶען דִיא שְׁטַאנְגֶען פוּן זֵייעֶר יָאךְ, אוּנְד וֶועל זֵייא מַצִיל זַיין פוּן דִיא הַאנְד פוּן דִיא וָואס הָאבֶּען מִיט זֵייא גֶעאַרְבֵּייטֶעט: 28 אוּנְד זֵייא וֶועלֶען נִיט מֶעהְר זַיין פַאר אַ רוֹיבּוּנְג צוּ דִיא גוֹיִם, אוּנְד דִיא חַיוֹת פוּן דֶעם לַאנְד וֶועלֶען זֵייא נִיט פְרֶעסֶען, נֵייעֶרְט זֵייא וֶועלֶען ווָאוֹינֶען אִין זִיכֶערְהֵייט אוּנְד קֵיינֶער וֶועט זֵייא נִיט דֶערְשְׁרֶעקֶען: 29 אוּנְד אִיךְ וֶועל צוּ זֵייא אוֹיפְשְׁטֶעלֶען אַ פְלַאנְצוּנְג פוּן אַ (גְרוֹיסֶען) שֵׁם, אוּנְד עֶס וֶועלֶען נִיט מֶעהְר זַיין אִין דֶעם לַאנְד זָאלְכֶע וָואס קוּמֶען אוּם פַאר הוּנְגֶער, אוּנְד זֵייא וֶועלֶען נִיט מֶעהְר טְרָאגֶען דִיא שַׁאנְד פוּן דִיא גוֹיִם: 30 אוּנְד זֵייא וֶועלֶען ווִיסֶען אַז אִיךְ דֶער הַאר זֵייעֶר גָאט בִּין מִיט זֵייא, אוּנְד אַז זֵייא, דָאס הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן יִשְׂרָאֵל זֶענֶען מֵיין פָאלְק, זָאגְט דֶער הַאר גָאט: 31 אוּנְד אִיהְר, מֵיינֶע שָׁאף, דִיא שָׁאף פוּן מֵיינֶע ווֵיידֶע זֶענְט מֶענְשֶׁען, אִיךְ בִּין אֵייעֶר גָאט, זָאגְט דֶער הַאר גָאט:

18 הַמְעַט מִכֶּם הַמִּרְעֶה הַטּוֹב תִּרְעוּ וְיֶתֶר מִרְעֵיכֶם תִּרְמְסוּ
בְּרַגְלֵיכֶם וּמִשְׁקַע־מַיִם תִּשְׁתּוּ וְאֵת הַנּוֹתָרִים בְּרַגְלֵיכֶם
19 תִּרְפֹּשׂוּן׃ וְצֹאנִי מִרְמַס רַגְלֵיכֶם תִּרְעֶינָה וּמִרְפַּשׂ רַגְלֵיכֶם
כ תִּשְׁתֶּינָה׃ לָכֵן כֹּה אָמַר אֲדֹנָי יֱהֹוִה אֲלֵיהֶם הִנְנִי
21 אָנִי וְשָׁפַטְתִּי בֵּין־שֶׂה בִרְיָה וּבֵין שֶׂה רָזָה׃ יַעַן בְּצַד
וּבְכָתֵף תֶּהְדֹּפוּ וּבְקַרְנֵיכֶם תְּנַגְּחוּ כָּל־הַנַּחְלוֹת עַד אֲשֶׁר
22 הֲפִיצוֹתֶם אוֹתָנָה אֶל־הַחוּצָה׃ וְהוֹשַׁעְתִּי לְצֹאנִי וְלֹא־
23 תִהְיֶינָה עוֹד לָבַז וְשָׁפַטְתִּי בֵּין שֶׂה לָשֶׂה׃ וַהֲקִמֹתִי עֲלֵיהֶם
רֹעֶה אֶחָד וְרָעָה אֶתְהֶן אֵת עַבְדִּי דָוִיד הוּא יִרְעֶה אֹתָם
24 וְהוּא יִהְיֶה לָהֶן לְרֹעֶה׃ וַאֲנִי יְהוָה אֶהְיֶה לָהֶם לֵאלֹהִים
כה וְעַבְדִּי דָוִד נָשִׂיא בְתוֹכָם אֲנִי יְהוָה דִּבַּרְתִּי׃ וְכָרַתִּי לָהֶם
בְּרִית שָׁלוֹם וְהִשְׁבַּתִּי חַיָּה־רָעָה מִן־הָאָרֶץ וְיָשְׁבוּ בַמִּדְבָּר
26 לָבֶטַח וְיָשְׁנוּ בַּיְּעָרִים׃ וְנָתַתִּי אוֹתָם וּסְבִיבוֹת גִּבְעָתִי
27 בְּרָכָה וְהוֹרַדְתִּי הַגֶּשֶׁם בְּעִתּוֹ גִּשְׁמֵי בְרָכָה יִהְיוּ׃ וְנָתַן
עֵץ הַשָּׂדֶה אֶת־פִּרְיוֹ וְהָאָרֶץ תִּתֵּן יְבוּלָהּ וְהָיוּ עַל־אַדְמָתָם
לָבֶטַח וְיָדְעוּ כִּי־אֲנִי יְהוָה בְּשִׁבְרִי אֶת־מֹטוֹת עֻלָּם
28 וְהִצַּלְתִּים מִיַּד הָעֹבְדִים בָּהֶם׃ וְלֹא־יִהְיוּ עוֹד בַּז לַגּוֹיִם
וְחַיַּת הָאָרֶץ לֹא תֹאכְלֵם וְיָשְׁבוּ לָבֶטַח וְאֵין מַחֲרִיד׃
29 וַהֲקִמֹתִי לָהֶם מַטָּע לְשֵׁם וְלֹא־יִהְיוּ עוֹד אֲסֻפֵי רָעָב
ל בָּאָרֶץ וְלֹא־יִשְׂאוּ עוֹד כְּלִמַּת הַגּוֹיִם׃ וְיָדְעוּ כִּי־אֲנִי יְהוָה
אֱלֹהֵיהֶם אִתָּם וְהֵמָּה עַמִּי בֵּית יִשְׂרָאֵל נְאֻם אֲדֹנָי יֱהֹוִה׃
31 וְאַתֵּן צֹאנִי צֹאן מַרְעִיתִי אָדָם אַתֶּם אֲנִי אֱלֹהֵיכֶם נְאֻם
אֲדֹנָי יֱהֹוִה׃

לה

לה

א וַיְהִי דְבַר־יְהוָה אֵלַי לֵאמֹר׃ בֶּן־אָדָם שִׂים פָּנֶיךָ עַל־הַר 2
3 שֵׂעִיר וְהִנָּבֵא עָלָיו׃ וְאָמַרְתָּ לּוֹ כֹּה אָמַר אֲדֹנָי יֱהֹוִה
הִנְנִי אֵלֶיךָ הַר־שֵׂעִיר וְנָטִיתִי יָדִי עָלֶיךָ וּנְתַתִּיךָ שְׁמָמָה

קאפיטעל לה

1 אוּנְד דָאס ווָארְט פוּן דֶעם הַאר אִיז צוּ מִיר גֶעוֶועזֶען, אַזוֹי צוּ זָאגֶען: 2 בֶּן־אָדָם, טְהוּא דֵיין פָּנִים קֶעגֶען דֶעם בַּארְג שֵׂעִיר, אוּנְד זָאג קֶעגֶען אִיהְם נְבוּאוֹת: 3 אוּנְד דוּא זָאלְסְט צוּ אִיהְם זָאגֶען, אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר גָאט, זֶעה, אִיךְ בִּין קֶעגֶען דִיר, דוּא בַּארְג שֵׂעִיר, אוּנְד אִיךְ וֶועל אוֹיסְשְׁטְרֶעקֶען מֵיינֶע הַאנְד אִיבֶּער דִיר, אוּנְד אִיךְ וֶועל דִיךְ אִים גַאנְצֶען פֶערְווִיסְטֶען:

4 וּמְשַׁמָּה: עָרֶיךָ חָרְבָּה אָשִׂים וְאַתָּה שְׁמָמָה תִהְיֶה וְיָדַעְתָּ
ה כִּי־אֲנִי יְהוָה: יַעַן הֱיוֹת לְךָ אֵיבַת עוֹלָם וַתַּגֵּר אֶת־בְּנֵי־
6 יִשְׂרָאֵל עַל־יְדֵי חָרֶב בְּעֵת אֵידָם בְּעֵת עֲוֹן קֵץ: לָכֵן חַי־
אָנִי נְאֻם אֲדֹנָי יֱהוִה כִּי־לְדָם אֶעֶשְׂךָ וְדָם יִרְדֲּפֶךָ אִם־לֹא
7 דָם שָׂנֵאתָ וְדָם יִרְדֲּפֶךָ: וְנָתַתִּי אֶת־הַר שֵׂעִיר לְשִׁמְמָה
8 וּשְׁמָמָה וְהִכְרַתִּי מִמֶּנּוּ עֹבֵר וָשָׁב: וּמִלֵּאתִי אֶת־הָרָיו
חֲלָלָיו גִּבְעוֹתֶיךָ וְגֵיאוֹתֶיךָ וְכָל־אֲפִיקֶיךָ חַלְלֵי־חֶרֶב יִפְּלוּ
9 בָהֶם: שִׁמְמוֹת עוֹלָם אֶתֶּנְךָ וְעָרֶיךָ לֹא תָשֹׁבְנָה וִידַעְתֶּם
י כִּי־אֲנִי יְהוָה: יַעַן אֲמָרְךָ אֶת־שְׁנֵי הַגּוֹיִם וְאֶת־שְׁתֵּי
11 הָאֲרָצוֹת לִי תִהְיֶינָה וִירַשְׁנוּהָ וַיהוָה שָׁם הָיָה: לָכֵן חַי־אָנִי
נְאֻם אֲדֹנָי יֱהוִה וְעָשִׂיתִי כְּאַפְּךָ וּכְקִנְאָתְךָ אֲשֶׁר עָשִׂיתָה
12 מִשִּׂנְאָתֶיךָ בָּם וְנוֹדַעְתִּי בָם כַּאֲשֶׁר אֶשְׁפְּטֶךָ: וְיָדַעְתָּ כִּי
אֲנִי יְהוָה שָׁמַעְתִּי ׀ אֶת־כָּל־נֶאָצוֹתֶיךָ אֲשֶׁר אָמַרְתָּ עַל־
13 הָרֵי יִשְׂרָאֵל לֵאמֹר ׀ שָׁמֵמָה לָנוּ נִתְּנוּ לְאָכְלָה: וַתַּגְדִּילוּ
עָלַי בְּפִיכֶם וְהַעְתַּרְתֶּם עָלַי דִּבְרֵיכֶם אֲנִי שָׁמָעְתִּי:
14 כֹּה אָמַר אֲדֹנָי יֱהוִה כִּשְׂמֹחַ כָּל־הָאָרֶץ שְׁמָמָה אֶעֱשֶׂה־
טו לָּךְ: כְּשִׂמְחָתְךָ לְנַחֲלַת בֵּית־יִשְׂרָאֵל עַל אֲשֶׁר־שָׁמֵמָה
כֵּן אֶעֱשֶׂה־לָּךְ שְׁמָמָה תִהְיֶה הַר־שֵׂעִיר וְכָל־אֱדוֹם כֻּלָּהּ
וְיָדְעוּ כִּי־אֲנִי יְהוָה:

## לו לו

א וְאַתָּה בֶן־אָדָם הִנָּבֵא אֶל־הָרֵי יִשְׂרָאֵל וְאָמַרְתָּ הָרֵי יִשְׂרָאֵל
2 שִׁמְעוּ דְּבַר־יְהוָה: כֹּה אָמַר אֲדֹנָי יֱהוִה יַעַן אָמַר הָאוֹיֵב
3 עֲלֵיכֶם הֶאָח וּבָמוֹת עוֹלָם לְמוֹרָשָׁה הָיְתָה לָּנוּ: לָכֵן
הִנָּבֵא וְאָמַרְתָּ כֹּה אָמַר אֲדֹנָי יֱהוִה יַעַן בְּיַעַן שַׁמּוֹת וְשָׁאֹף
אֶתְכֶם מִסָּבִיב לִהְיוֹתְכֶם מוֹרָשָׁה לִשְׁאֵרִית הַגּוֹיִם וַתַּעֲלוּ
4 עַל־שְׂפַת לָשׁוֹן וְדִבַּת־עָם: לָכֵן הָרֵי יִשְׂרָאֵל שִׁמְעוּ
דְּבַר־אֲדֹנָי יֱהוִה כֹּה־אָמַר אֲדֹנָי יֱהוִה לֶהָרִים וְלַגְּבָעוֹת

4 דיינֶע שְׁטֶעט וָועל אִיךְ חָרוּב מַאכֶען,
אוּנְד דוּא וֶועסְט פֶערְוִויסְט וָוערֶען, אוּנְד
דוּא וֶועסְט ווִיסֶען אַז אִיךְ בִּין דֶער הַאר:
5 דַארוּם ווייל דוּא הָאסְט גֶעהַאט אֵיינֶע
עֶבִּיגֶע פֵיינְדְשַׁאפְט, אוּנְד הָאסְט אוֹיס־
גֶענָאסֶען (דָאס בְּלוּט) פוּן דִיא קִינְדֶער
יִשְׂרָאֵל דוּרְךְ דֶעם שְׁוֶוערְד אִין דֶער צֵייט
פוּן זֵייעֶר אוּנְגְלִיק, אִין דֶער צֵייט וֶוען
זֵייעֶרֶע זִינְד הָאט גֶעהַאט אֵיין עֶנְד:
6 דַארוּם, אַזוֹי וָואהְר וִויא אִיךְ לֶעבּ,
זָאגְט דֶער הַאר גָאט, אִיךְ וֶועל דִיךְ
צוּבְּרֵייטֶען צוּ בְּלוּט, אוּנְד בְּלוּט וֶועט
דִיךְ נָאכְיָאגֶען, ווייל דוּא הָאסְט נִיט פֵיינְד
גֶעהַאט דָאס בְּלוּט אַזוֹי וֶועט דִיךְ בְּלוּט
נָאכְיָאגֶען: 7 אוּנְד אִיךְ וֶועל דֶעם בַּארְג
שֵׂעִיר אִים גַאנְצֶען ווִיסְט מַאכֶען, אוּנְד
אִיךְ וֶועל פוּן אִיהְם פֶערְשְׁנֵיידֶען דֶעם
וָואס גֶעהְט דוּרְךְ אוּנְד קוּמְט צוּרִיק:
8 אוּנְד אִיךְ וֶועל זֵיינֶע בֶּערְג פוּל מַאכֶען
מִיט זֵיינֶע דֶערְשְׁלָאגֶענֶע, דֵיינֶע הוֹיכֶע
הִיגֶעל אוּנְד דֵיינֶע טְהָאלֶען אוּנְד אִין אַלֶע
דֵיינֶע טֵייכֶען וֶועלֶען אַרֵיינְפַאלֶען דֶערְ־
שְׁלָאגֶענֶע דוּרְךְ דָאס שְׁוֶוערְד: 9 אִיךְ
וֶועל דִיךְ מַאכֶען פַאר אֵיינֶע עֶבִּיגֶע
פֶערְווִיסְטוּנְג, אוּנְד דֵיינֶע שְׁטֶעט וֶועלֶען קֵיינְמָאל נִיט בֶּעווֹאוּינְט וֶוערֶען, אוּנְד אִיהְר
וֶועט ווִיסֶען אַז אִיךְ בִּין דֶער הַאר: 10 ווייל דוּא הָאסְט גֶעזָאגְט דָאס דִיא צְווייא
פֶעלְקֶער אוּנְד דִיא צְווייא לֶענְדֶער זָאלֶען מֵיין זֵיין, אוּנְד מִיר וֶועלֶען זֵייא יַרְשְׁנֶ'ן
הָאטְשֶׁע דֶער הַאר אִיז דָארְטֶען גֶעוֶועזֶען: 11 דַארוּם, אַזוֹי וָואהְר וִויא אִיךְ לֶעבּ,
זָאגְט דֶער הַאר גָאט, דָאס אִיךְ וֶועל טְהוּן גְרָאד אַזוֹי וִויא דֵיין צָארְן אוּנְד אַזוֹי וִויא
דֵיין גְרִימְצָארְן וָואס דוּא הָאסְט גֶעטְהוּן וֶועגֶען דֵיינֶע פֵיינְדְשַׁאפְט וָואס דוּא הָאסְט
קֶעגֶען זֵייא, אוּנְד אִיךְ וֶועל אִין זֵייא בֶּעקַאנְט וֶוערֶען וֶוען אִיךְ וֶועל דִיךְ מִשְׁפְּט'ן:
12 אוּנְד דוּא וֶועסְט ווִיסֶען אַז אִיךְ דֶער הַאר הָאבּ גֶעהֶערְט אַלֶע דֵיינֶע לֶעסְטֶערוּנְגֶען
וָואס דוּא הָאסְט גֶעזָאגְט אִיבֶּער דִיא בֶּערְג יִשְׂרָאֵל, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, זֵייא זֶענֶען פֶערְ־
ווִיסְט גֶעוָוארֶען, זֵייא זֶענֶען צוּ אוּנְס אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען גֶעוָוארֶען כְּדֵי צוּ פֶערְדַארְבֶּען:
13 אוּנְד אִיהְר הָאט קֶעגֶען מִיר אַ גְרוֹיס מוֹיל גֶעמַאכְט, אוּנְד אִיהְר הָאט אֵיירֶע וֶוערְ־
טֶער קֶעגֶען מִיר פֶערְמֶעהְרְט, אִיךְ הָאבּ עֶס גֶעהֶערְט: 14 אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר גָאט,
וֶוען דִיא גַאנְצֶע עֶרְד וֶועט זִיךְ פְרֵייעֶן, וֶועל אִיךְ דִיךְ צוּ אַ פֶערְווִיסְטוּנְג מַאכֶען:
15 אַזוֹי וִויא דוּא הָאסְט דִיךְ גֶעפְרֵייט אִיבֶּער דִיא נַחֲלָה פוּן דֶעם הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן
יִשְׂרָאֵל, ווייל עֶס אִיז פֶערְווִיסְט גֶעוָוארֶען, גְרָאד אַזוֹי וֶועל אִיךְ צוּ דִיר טְהוּן, דוּא
וֶועסְט פֶערְווִיסְט וֶוערֶען אָ בַּארְג שֵׂעִיר, אוּנְד גַאנְץ אֱדוֹם, יוֹא, אִים גַאנְצֶען, אוּנְד זֵייא
וֶועלֶען ווִיסֶען אַז אִיךְ בִּין דֶער הַאר:

## קאפיטעל לו

1 אוּנְד דוּא בֶּן־אָדָם זָאג נְבוּאוֹת צוּ דִיא בֶּערְג פוּן יִשְׂרָאֵל, אוּנְד דוּא זָאלְסְט זָאגֶען,
אִיהְר בֶּערְג פוּן יִשְׂרָאֵל, הֶערְט דָאס וָוארְט פוּן דֶעם הַאר: 2 אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר
גָאט, ווייל דֶער פֵיינְד הָאט אִיבֶּער אֵייךְ גֶעזָאגְט הַא, הַא! אַפִילוּ דִיא הוֹיךְ פוּן דִיא
וֶועלְט אִיז גֶעוָוארֶען צוּ אַ יְרוּשָׁה צוּ אוּנְס: 3 דַארוּם זָאג נְבוּאוֹת, אוּנְד דוּא זָאלְסְט
זָאגֶען, אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר גָאט, גְרָאד ווייל זֵייא הָאבֶּען אֵייךְ פֶערְווִיסְט אוּנְד זֵייא
הָאבֶּען אֵייךְ (ווִיא) פֶערְשְׁלוּנְגֶען רִינְגְס אַרוּם, כְּדֵי אִיהְר זָאלְט זֵיין אַ יְרוּשָׁה פַאר דִיא
אִיבֶּערְבְּלֵייבּוּנְג פוּן דִיא גוֹיִם, אוּנְד אִיהְר זֶענְט אוֹיפְגֶענוּמֶען אוֹיף דִיא לִיפּ אוּנְד צוּנְג
בַּייא דִיא רְכִילוּת רֶעדֶער פוּן דֶעם פָאלְק: 4 דַארוּם, אִיהְר בֶּערְג פוּן יִשְׂרָאֵל הֶערְט
דָאס וָוארְט פוּן דֶעם הַאר גָאט, אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר גָאט צוּ דִיא בֶּערְג, אוּנְד צוּ דִיא הוֹיךְ,

לָאֲפִיקִים וְלַגֵּאָיוֹת וְלֶחֳרָבוֹת הַשֹּׁמְמוֹת וְלֶעָרִים הַנֶּעֱזָבוֹת
ה אֲשֶׁר הָיוּ לְבַז וּלְלַעַג לִשְׁאֵרִית הַגּוֹיִם אֲשֶׁר מִסָּבִיב׃ לָכֵן
כֹּה־אָמַר אֲדֹנָי יֱהוִה אִם־לֹא בְּאֵשׁ קִנְאָתִי דִבַּרְתִּי עַל־
שְׁאֵרִית הַגּוֹיִם וְעַל־אֱדוֹם כֻּלָּא אֲשֶׁר נָתְנוּ־אֶת־אַרְצִי ׀
לָהֶם לְמוֹרָשָׁה בְּשִׂמְחַת כָּל־לֵבָב בִּשְׁאָט נֶפֶשׁ לְמַעַן
6 מִגְרָשָׁהּ לָבַז׃ לָכֵן הִנָּבֵא עַל־אַדְמַת יִשְׂרָאֵל וְאָמַרְתָּ
לֶהָרִים וְלַגְּבָעוֹת לָאֲפִיקִים וְלַגֵּאָיוֹת כֹּה־אָמַר ׀ אֲדֹנָי יֱהוִה
הִנְנִי בְקִנְאָתִי וּבַחֲמָתִי דִּבַּרְתִּי יַעַן כְּלִמַּת גּוֹיִם נְשָׂאתֶם׃
7 לָכֵן כֹּה אָמַר אֲדֹנָי יֱהוִה אֲנִי נָשָׂאתִי אֶת־יָדִי אִם־
8 לֹא הַגּוֹיִם אֲשֶׁר־לָכֶם מִסָּבִיב הֵמָּה כְּלִמָּתָם יִשָּׂאוּ׃ וְאַתֶּם
הָרֵי יִשְׂרָאֵל עַנְפְּכֶם תִּתֵּנוּ וּפֶרְיְכֶם תִּשְׂאוּ לְעַמִּי יִשְׂרָאֵל
9 כִּי קֵרְבוּ לָבוֹא׃ כִּי הִנְנִי אֲלֵיכֶם וּפָנִיתִי אֲלֵיכֶם וְנֶעֱבַדְתֶּם
י וְנִזְרַעְתֶּם׃ וְהִרְבֵּיתִי עֲלֵיכֶם אָדָם כָּל־בֵּית יִשְׂרָאֵל כֻּלֹּה
11 וְנֹשְׁבוּ הֶעָרִים וְהֶחֳרָבוֹת תִּבָּנֶינָה׃ וְהִרְבֵּיתִי עֲלֵיכֶם אָדָם
וּבְהֵמָה וְרָבוּ וּפָרוּ וְהוֹשַׁבְתִּי אֶתְכֶם כְּקַדְמוֹתֵיכֶם וְהֵיטִבֹתִי
12 מֵרִאשֹׁתֵיכֶם וִידַעְתֶּם כִּי־אֲנִי יְהוָה׃ וְהוֹלַכְתִּי עֲלֵיכֶם
אָדָם אֶת־עַמִּי יִשְׂרָאֵל וִירֵשׁוּךָ וְהָיִיתָ לָהֶם לְנַחֲלָה וְלֹא־
13 תוֹסִף עוֹד לְשַׁכְּלָם׃ כֹּה אָמַר אֲדֹנָי יֱהוִה יַעַן אֹמְרִים
14 לָכֶם אֹכֶלֶת אָדָם אָתְּי וּמְשַׁכֶּלֶת גּוֹיַיִךְ הָיִית׃ לָכֵן אָדָם
לֹא־תֹאכְלִי עוֹד וְגוֹיַיִךְ לֹא תְכַשְּׁלִי־עוֹד נְאֻם אֲדֹנָי יֱהוִה׃
טו וְלֹא־אַשְׁמִיעַ אֵלַיִךְ עוֹד כְּלִמַּת הַגּוֹיִם וְחֶרְפַּת עַמִּים לֹא
תִשְׂאִי־עוֹד וְגוֹיַיִךְ לֹא־תַכְשִׁלִי עוֹד נְאֻם אֲדֹנָי יֱהוִה׃
16 17 וַיְהִי דְבַר־יְהוָה אֵלַי לֵאמֹר׃ בֶּן־אָדָם בֵּית יִשְׂרָאֵל
יֹשְׁבִים עַל־אַדְמָתָם וַיְטַמְּאוּ אוֹתָהּ בְּדַרְכָּם וּבַעֲלִילוֹתָם
18 כְּטֻמְאַת הַנִּדָּה הָיְתָה דַרְכָּם לְפָנָי׃ וָאֶשְׁפֹּךְ חֲמָתִי עֲלֵיהֶם
עַל־הַדָּם אֲשֶׁר־שָׁפְכוּ עַל־הָאָרֶץ וּבְגִלּוּלֵיהֶם טִמְּאוּהָ׃
19 וָאָפִיץ אֹתָם בַּגּוֹיִם וַיִּזָּרוּ בָּאֲרָצוֹת כְּדַרְכָּם וְכַעֲלִילוֹתָם

אוּנְד צוּ דִיא טֵייכֶען, אוּנְד צוּ דִיא טְהָאלֶען, אוּנְד צוּ דִיא פֶערְווִיסְטֶע חוּרְבוֹת, אוּנְד צוּ דִיא פֶערְלָאזֶענֶע שְׁטֶעט וָואס זֶענֶען גֶעוָוארֶען צוּם רוֹיב אוּנְד צוּם שְׁפָּאט צוּ דִיא אִיבְּרִיגֶע גוֹיִם וָואס זֶענֶען רִינְגְּס אַרוּם: 5 דָארוּם אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר גָאט, בֶּאֱמֶת, אִיךְ וֶועל רֶעדֶען מִיט דִיא אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּענֶע גוֹיִם דוּרְךְ דֶעם פֵייעֶר פוּן מֵיין צָארְן אוּנְד אִיבֶּער גַאנְץ אֱדוֹם, וָואס הָאבֶּען זִיךְ אַלֵיין גֶע־נוּמֶען מֵיין לַאנְד אַלְס יְרוּשָׁה מִיט דֶער פְרֵייד פוּן דֶעם גַאנְצֶען הַארְץ, אוּנְד מִיט אַ פֶערְאַכְטֶעטֶען גֶעמִיט, כְּדֵי אִיהְר וֵוייְדֶע פְּלַאץ זָאל וֶוערֶען צוּם רוֹיב: 6 דָארוּם זָאג נְבוּאוֹת אִיבֶּער דֶעם לַאנְד פוּן יִשְׂרָאֵל, אוּנְד דוּא זָאלְסְט זָאגֶען צוּ דִיא בֶּערְג אוּנְד צוּ דִיא הוֹיךְ, אוּנְד צוּ דִיא טֵייכֶען אוּנְד צוּ דִיא טְהָאלֶען, אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר גָאט, זֶעהְט, אִיךְ הָאבּ גֶערֶעט אִין מֵיין צָארְן אוּנְד אִין מֵיין גְרִימְצָארְן ווייל אִיהְר הָאט גֶעטְרָאגֶען דִיא שַׁאנְד פוּן דִיא גוֹיִם: 7 דָארוּם אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר גָאט, אִיךְ הָאבּ אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען מֵיינֶע הַאנְד, בֶּאֱמֶת, דִיא גוֹיִם וָואס זֶענֶען רִינְגְּס אַרוּם אֵייךְ, זֵייא וֶועלֶען טְרָאגֶען זֵייעֶרֶע אֵייגֶענֶע שַׁאנְד: 8 אָבֶּער אִיהְר, אָ בֶּערְג פוּן יִשְׂרָאֵל, אִיהְר וֶועט לָאזֶען אוֹיסְשְׁפְּרָאצֶען אֵיירֶע צְווֵייגֶען, אוּנְד אִיהְר וֶועט טְרָאגֶען אֵיירֶע פֵּירוֹת פַאר מֵיין פָאלְק יִשְׂרָאֵל, וָוארִין זֵייא בֶּענֶעהֶנְטֶען זִיךְ אָנְצוּקוּמֶען: 9 וָוארִין זֶעהְט, אִיךְ בִּין פַאר אֵייךְ, אוּנְד אִיךְ וֶועל מִיךְ צוּ אֵייךְ קֶעהְרֶען, אוּנְד אִיהְר וֶועט בֶּע־אַרְבֵּייט אוּנְד בֶּעזֵייעט וֶוערֶען: 10 אוּנְד אִיךְ וֶועל אוֹיף אֵייךְ פֶערְמֶעהְרֶען מֶענְשֶׁען, דָאס גַאנְצֶע הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן יִשְׂרָאֵל, אִים גַאנְצֶען, אוּנְד דִיא שְׁטֶעט וֶועלֶען בֶּעוָואוֹינְט וֶוערֶען, אוּנְד דִיא חוּרְבוֹת וֶועלֶען אוֹיפְגֶעבּוֹיעט וֶוערֶען: 11 אוּנְד אִיךְ וֶועל אוֹיף אֵייךְ פֶערְמֶעהְרֶען מֶענְשֶׁען אוּנְד בְּהֵמוֹת, אוּנְד זֵייא וֶועלֶען זִיךְ מֶעהְרֶען אוּנְד זֵיין פְּרוּכְטְבַּאר, אוּנְד אִיךְ וֶועל אֵייךְ וִוידֶער לָאזֶען וְואוֹינֶען אַזוֹי וִויא פְרִיהֶער, אוּנְד אִיךְ וֶועל אֵייךְ גוּטֶעס טְהוּן אַזוֹי וִויא אִין דִיא עֶרְשְׁטֶע צֵייטֶען, אוּנְד אִיהְר וֶועט וִויסֶען אַז אִיךְ בִּין דֶער הַאר: 12 אוּנְד אִיךְ וֶועל אִיבֶּער אֵייךְ פִיהְרֶען מֶענְשֶׁען, (אֲפִילוּ) מֵיין פָאלְק יִשְׂרָאֵל, אוּנְד זֵייא וֶועלֶען דִיךְ יַרְשֶׁנְ'ן, אוּנְד דוּא וֶועסְט זֵיין זֵייעֶרֶע נַחֲלָה, אוּנְד דוּא וֶועסְט זֵייא נִיט מֶעהְר פֶערְוָוארְפֶען: 13 אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר גָאט, ווייל זֵייא זָאגֶען צוּ אֵייךְ, דוּא בִּיזְט אַ מֶענְשֶׁען פְרֶעסֶער, אוּנְד דוּא בִּיזְט גֶע־וָוארֶען אַ פֶערְוָוארְפֶערִין פוּן דֵיינֶע פֶעלְקֶער: 14 דָארוּם וֶועסְט דוּא נִיט מֶעהְר מֶענְשֶׁען פְרֶעסֶען, אוּנְד דֵיינֶע פֶעלְקֶער וֶועסְט דוּא אוֹיךְ נִיט מֶעהְר פֶערְוָוארְפֶען, זָאגְט דֶער הַאר גָאט: 15 אוּנְד אִיךְ וֶועל דִיךְ נִיט מֶעהְר לָאזֶען הֶערֶען דִיא שַׁאנְד פוּן דִיא גוֹיִם, אוּנְד דוּא זָאלְסְט נִיט מֶעהְר טְרָאגֶען דִיא חֶרְפָּה פוּן דִיא פֶעלְקֶער, אוּנְד דוּא וֶועסְט אוֹיךְ נִיט מֶעהְר מַאכֶען דֵיין פָאלְק שְׁטְרוֹיכֶעלְן (אָדֶער קִינְדֶער־לוֹיז), זָאגְט דֶער הַאר גָאט: 16 אוּנְד דָאס וָוארְט פוּן דֶעם הַאר אִיז צוּ מִיר גֶעוֶועזֶען, אַזוֹי צוּ זָאגֶען: 17 בֶּן־אָדָם, וֶוען דָאס הוֹיז יִשְׂרָאֵל הָאבֶּען גֶעוָואוֹינְט אוֹיף זֵייעֶר לַאנְד אַזוֹי הָאבֶּען זֵייא עֶס מְטַמֵּא גֶעוֶועזֶען דוּרְךְ זֵייעֶרֶע וֶועגֶען אוּנְד דוּרְךְ זֵייעֶרֶע מַעֲשִׂים, אַזוֹי וִויא דִיא טָמֵא פוּן אַ נִדָּה אִיז זֵייעֶר וֶועג פַאר מִיר גֶע־וָוארֶען: 18 אוּנְד־אִיךְ וֶועל אִיבֶּער זֵייא אוֹיסְגִיסֶען מֵיין גְרִימְצָארְן וֶועגֶען דֶעם בְּלוּט וָואס זֵייא הָאבֶּען פֶערְגָאסֶען אוֹיף דֶער עֶרְד, אוּנְד פוּן וֶועגֶען זֵייעֶרֶע גֶעצֶען מִיט וָואס זֵייא הָאבֶּען עֶס מְטַמֵּא גֶעוֶועזֶען: 19 אוּנְד אִיךְ הָאבּ זֵייא פֶערְשְׁפְּרֵייט אוּנְטֶער דִיא גוֹיִם, אוּנְד זֵייא זֶענֶען צוּשְׁטְרֵייעט אִין דִיא לֶענְדֶער, נָאךְ זֵייעֶרֶע וֶועגֶען אוּנְד נָאךְ זֵייעֶרֶע וֶוערְק

כ שְׁפַטְתִּים׃ וַיָּבוֹא אֶל־הַגּוֹיִם אֲשֶׁר־בָּאוּ שָׁם וַיְחַלְּלוּ אֶת־
שֵׁם קָדְשִׁי בֶּאֱמֹר לָהֶם עַם־יְהוָה אֵלֶּה וּמֵאַרְצוֹ יָצָאוּ׃
21 וָאֶחְמֹל עַל־שֵׁם קָדְשִׁי אֲשֶׁר חִלְּלֻהוּ בֵּית יִשְׂרָאֵל בַּגּוֹיִם
22 אֲשֶׁר־בָּאוּ שָׁמָּה׃ לָכֵן אֱמֹר לְבֵית־יִשְׂרָאֵל כֹּה
אָמַר אֲדֹנָי יֱהוִה לֹא לְמַעַנְכֶם אֲנִי עֹשֶׂה בֵּית יִשְׂרָאֵל כִּי
אִם־לְשֵׁם־קָדְשִׁי אֲשֶׁר חִלַּלְתֶּם בַּגּוֹיִם אֲשֶׁר־בָּאתֶם שָׁם׃
23 וְקִדַּשְׁתִּי אֶת־שְׁמִי הַגָּדוֹל הַמְחֻלָּל בַּגּוֹיִם אֲשֶׁר חִלַּלְתֶּם
בְּתוֹכָם וְיָדְעוּ הַגּוֹיִם כִּי־אֲנִי יְהוָה נְאֻם אֲדֹנָי יֱהוִה בְּהִקָּדְשִׁי
24 בָכֶם לְעֵינֵיהֶם׃ וְלָקַחְתִּי אֶתְכֶם מִן־הַגּוֹיִם וְקִבַּצְתִּי אֶתְכֶם
כה מִכָּל־הָאֲרָצוֹת וְהֵבֵאתִי אֶתְכֶם אֶל־אַדְמַתְכֶם׃ וְזָרַקְתִּי
עֲלֵיכֶם מַיִם טְהוֹרִים וּטְהַרְתֶּם מִכֹּל טֻמְאוֹתֵיכֶם וּמִכָּל־
26 גִּלּוּלֵיכֶם אֲטַהֵר אֶתְכֶם׃ וְנָתַתִּי לָכֶם לֵב חָדָשׁ וְרוּחַ
חֲדָשָׁה אֶתֵּן בְּקִרְבְּכֶם וַהֲסִרֹתִי אֶת־לֵב הָאֶבֶן מִבְּשַׂרְכֶם
27 וְנָתַתִּי לָכֶם לֵב בָּשָׂר׃ וְאֶת־רוּחִי אֶתֵּן בְּקִרְבְּכֶם וְעָשִׂיתִי
28 אֵת אֲשֶׁר־בְּחֻקַּי תֵּלֵכוּ וּמִשְׁפָּטַי תִּשְׁמְרוּ וַעֲשִׂיתֶם׃ וִישַׁבְתֶּם
בָּאָרֶץ אֲשֶׁר נָתַתִּי לַאֲבֹתֵיכֶם וִהְיִיתֶם לִי לְעָם וְאָנֹכִי
29 אֶהְיֶה לָכֶם לֵאלֹהִים׃ וְהוֹשַׁעְתִּי אֶתְכֶם מִכֹּל טֻמְאוֹתֵיכֶם
וְקָרָאתִי אֶל־הַדָּגָן וְהִרְבֵּיתִי אֹתוֹ וְלֹא־אֶתֵּן עֲלֵיכֶם רָעָב׃
ל וְהִרְבֵּיתִי אֶת־פְּרִי הָעֵץ וּתְנוּבַת הַשָּׂדֶה לְמַעַן אֲשֶׁר לֹא
31 תִקְחוּ עוֹד חֶרְפַּת רָעָב בַּגּוֹיִם׃ וּזְכַרְתֶּם אֶת־דַּרְכֵיכֶם
הָרָעִים וּמַעַלְלֵיכֶם אֲשֶׁר לֹא־טוֹבִים וּנְקֹטֹתֶם בִּפְנֵיכֶם עַל
32 עֲוֹנֹתֵיכֶם וְעַל־תּוֹעֲבוֹתֵיכֶם׃ לֹא לְמַעַנְכֶם אֲנִי־עֹשֶׂה נְאֻם
אֲדֹנָי יֱהוִה יִוָּדַע לָכֶם בּוֹשׁוּ וְהִכָּלְמוּ מִדַּרְכֵיכֶם בֵּית
33 יִשְׂרָאֵל׃ כֹּה אָמַר אֲדֹנָי יֱהוִה בְּיוֹם טַהֲרִי אֶתְכֶם מִכֹּל
34 עֲוֹנוֹתֵיכֶם וְהוֹשַׁבְתִּי אֶת־הֶעָרִים וְנִבְנוּ הֶחֳרָבוֹת׃ וְהָאָרֶץ
הַנְּשַׁמָּה תֵּעָבֵד תַּחַת אֲשֶׁר הָיְתָה שְׁמָמָה לְעֵינֵי כָּל־עוֹבֵר׃
לה וְאָמְרוּ הָאָרֶץ הַלֵּזוּ הַנְּשַׁמָּה הָיְתָה כְּגַן־עֵדֶן וְהֶעָרִים הֶחֳרֵבוֹת

הָאבּ איך זייא גֶעמִשְׁפָּט׃ 20 אוּנד וֶוען זייא זֶענֶען אָנְגֶעקוּמֶען צוּ דיא גוֹיִם, אַזְוַואוּ זייא זֶענֶען דָארְט אַהִינְגֶעקוּמֶען אַזוֹי הָאבֶּען זייא מְחַלֵל גֶעוֶועזֶען מֵיין הֵיילִיגֶען נָאמֶען, וֶוען מֶען הָאט פוּן זייא גֶעזָאגְט, דיא דָאזִיגֶע זֶענֶען דֶעם הַארְ'ס פָּאלְק, אוּנד זייא זֶענֶען אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען פוּן זֵיין לַאנְד׃ 21 אָבֶּער איך הָאבּ מִיךְ דֶערְבַּארְמְט וֶועגֶען מֵיין הֵיילִיגֶען נָאמֶען וֶועלְכֶען דָאס הוֹיז יִשְׂרָאֵל הָאט מְחַלֵל גֶעוֶועזֶען צְוִוישֶׁען דיא גוֹיִם אַזְוַואוּ זייא זֶענֶען דָארְט אַהִינְגֶעקוּמֶען׃ 22 דָארוּם זָאג צוּ דֶעם הוֹיז יִשְׂרָאֵל, אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר גָאט, נִיט פוּן אֵיירֶעטְוֶועגֶען טְהוּא איך דָאס, אָ הוֹיז יִשְׂרָאֵל, נֵייעֶרְט וֶועגֶען מֵיין הֵיילִיגֶען נָאמֶען וֶועלְכֶען אִיהְר הָאט מְחַלֵל גֶעוֶועזֶען צְוִוישֶׁען דיא גוֹיִם אַזְוַואוּ אִיהְר זֶענְט דָארְט אַהִינְגֶעקוּמֶען׃ 23 אוּנד איך וֶועל הֵיילִיגֶען מֵיין גְרוֹיסֶען נָאמֶען וֶועלְכֶער איז פֶערְשְׁוֶועכְט גֶעוָוארֶען צְוִוישֶׁען דיא גוֹיִם וָואס אִיהְר הָאט אִיהְם מְחַלֵל גֶעוֶועזֶען צְוִוישֶׁען זייא; אוּנד דיא גוֹיִם וֶועלֶען וִויסֶען אַז איך בִּין דֶער הַאר, זָאגְט דֶער הַאר גָאט, וֶוען איך וֶועל אִין אֵייךְ גֶעהֵיילִיגְט וֶוערֶען פָאר זֵיירֶע אוֹיגֶען׃ 24 אוּנד איך וֶועל אֵייךְ אַרוֹיסְנֶעמֶען פוּן דיא גוֹיִם, אוּנד איך וֶועל אֵייךְ אֵיינְזַאמֶעלְן פוּן אַלֶע לֶענְדֶער, אוּנד איך וֶועל אֵייךְ אַרֵיינְבְּרֶענְגֶען צוּ אֵייעֶר אֵייגֶען לַאנְד׃ 25 אוּנד איך וֶועל אִיבֶּער אֵייךְ שְׁפְּרֶענְגֶען רֵיין וַואסֶער אוּנד אֵייךְ רֵיינִיגֶען פוּן אַלֶע אֵיירֶע אוּנְרֵיינִיגְקֵייטֶען, אוּנד פוּן אַלֶע אֵיירֶע גֶעצֶען וֶועל איך אֵייךְ רֵיינִיגֶען׃ 26 אוּנד איך וֶועל אֵייךְ גֶעבֶּען אַ נֵייעֶם הַארְץ, אוּנד אַ נֵייעֶן גֵייסְט וֶועל איך צְוִוישֶׁען אֵייךְ גֶעבֶּען, אוּנד איך וֶועל אָפְּטְהוּן דָאס שְׁטֵיי־נֶערְנֶע הַארְץ פוּן אֵייעֶר פְלֵיישׁ, אוּנד איך וֶועל אֵייךְ גֶעבֶּען אַ פְלֵיישֶׁערְנֶעם הַארְץ׃ 27 אוּנד מֵיין רוּחַ (הַקוֹדֶשׁ) וֶועל איך גֶעבֶּען צְוִוישֶׁען אֵייךְ, אוּנד איך וֶועל מַאכֶען דָאס אִיהְר זָאלְט גֶעהְן אִין מֵיינֶע גֶעזֶעץ, אוּנד אִיהְר זָאלְט הִיטֶען מֵיינֶע מִשְׁפָּטִים אוּנד אִיהְר זָאלְט זייא טְהוּן׃ 28 אוּנד אִיהְר וֶועט וְואוֹינֶען אִין דֶעם לַאנְד וָואס איך הָאבּ גֶעגֶעבֶּען צוּ אֵיירֶע עֶלְטֶערְן, אוּנד אִיהְר וֶועט זֵיין מֵיין פָאלְק, אוּנד איך וֶועל זֵיין אֵייעֶר גָאט׃ 29 אוּנד איך וֶועל אֵייךְ הֶעלְפֶען פוּן אַלֶע אֵיירֶע אוּנְרֵיינִיגְקֵייטֶען, אוּנד איך וֶועל רוּפֶען צוּ דֶעם קָארְן, אוּנד איך וֶועל עֶס פֶערְמֶעהְרֶען, אוּנד איך וֶועל אוֹיף אֵייךְ נִיט גֶעבֶּען קֵיין הוּנְגֶער׃ 30 אוּנד איך וֶועל פֶערְמֶעהְרֶען דיא פֵּירוֹת פוּן דֶעם בּוֹים, אוּנד דיא פְרוּכְט פוּן דֶעם פֶעלְד, כְּדֵי אִיהְר זָאלְט נִיט מֶעהְר נֶעמֶען (הָאבֶּען) דיא חֶרְפָּה פוּן הוּנְגֶער צְוִוישֶׁען דיא גוֹיִם׃ 31 אוּנד דֶערְנָאכְמָאל וֶועט אִיהְר גֶעדֶענְקֶען אֵיירֶע שְׁלֶעכְטֶע וֶועגֶען אוּנד אֵיירֶע שְׁלֶעכְטֶע מַעֲשִׂים, וָואס זֶענֶען נִיט גוּט גֶעוֶועזֶען, אוּנד אִיהְר וֶועט אֵייךְ זֶעלְבְּסְט פֶערְעֶקֶעלְן אִין אֵיירֶע אוֹיגֶען וֶועגֶען אֵיירֶע זִינְד אוּנד וֶועגֶען אֵיירֶע אוּמְוֶוערְדִיגֶע מַעֲשִׂים׃ 32 נִיט אוּם אֵיירֶעט וֶועגֶען טְהוּא איך דָאס, זָאגְט דֶער הַאר גָאט, לָאז דָאס צוּ אֵייךְ בֶּעקַאנְט זֵיין, כְּדֵי אִיהְר זָאלְט הָאבֶּען בּוּשָׁה אוּנד שַׁאנְד וֶועגֶען אֵיירֶע שְׁלֶעכְטֶע וֶועגֶען, אָ הוֹיז יִשְׂרָאֵל! 33 אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר גָאט, אִין דֶעם טָאג וֶוען איך וֶועל אֵייךְ הָאבֶּען גֶערֵיינִיגְט פוּן אַלֶע אֵיירֶע זִינְדֶען וֶועל איך אֵייךְ אוֹיךְ מַאכֶען וְואוֹינֶען אִין דיא שְׁטֶעט, אוּנד דיא חוּרְבוֹת וֶועלֶען אוֹיפְגֶעבּוֹיעט וֶוערֶען׃ 34 אוּנד דָאס פֶערְוִוּיסְטֶע לַאנְד וֶועט בֶּעאַרְבֵּייט וֶוערֶען, ווייל עֶס איז גֶעוֶועזֶען וִויסְט פָאר דיא אוֹיגֶען פוּן אַלֶע אִיבֶּערְגֶעהֶער׃ 35 אוּנד זייא וֶועלֶען זָאגֶען, דָאס דָאזִיגֶע לַאנְד וָואס איז גֶעוֶועזֶען וִויסְט איז גֶע־וָוארֶען אַזוֹי וִויא דֶער גַן־עֵדֶן, אוּנד דיא שְׁטֶעט וָואס זֶענֶען גֶעוֶועזֶען חָרוּב

אונד

וְהַנְּשַׁמּוֹת וְהַנֶּהֱרָסוֹת בְּצוּרוֹת יָשָׁבוּ׃ וְיָדְעוּ הַגּוֹיִם אֲשֶׁר 36
יִשָּׁאֲרוּ סְבִיבוֹתֵיכֶם כִּי ׀ אֲנִי יְהוָה בָּנִיתִי הַנֶּהֱרָסוֹת
נָטַעְתִּי הַנְּשַׁמָּה אֲנִי יְהוָה דִּבַּרְתִּי וְעָשִׂיתִי׃ כֹּה 37
אָמַר אֲדֹנָי יֱהוִה עוֹד זֹאת אִדָּרֵשׁ לְבֵית־יִשְׂרָאֵל לַעֲשׂוֹת
לָהֶם אַרְבֶּה אֹתָם כַּצֹּאן אָדָם׃ כְּצֹאן קָדָשִׁים כְּצֹאן 38
יְרוּשָׁלַםִ בְּמוֹעֲדֶיהָ כֵּן תִּהְיֶינָה הֶעָרִים הֶחֳרֵבוֹת מְלֵאוֹת
צֹאן אָדָם וְיָדְעוּ כִּי־אֲנִי יְהוָה׃

לז

לז

הָיְתָה עָלַי יַד־יְהוָה וַיּוֹצִאֵנִי בְרוּחַ יְהוָה וַיְנִיחֵנִי בְּתוֹךְ א
הַבִּקְעָה וְהִיא מְלֵאָה עֲצָמוֹת׃ וְהֶעֱבִירַנִי עֲלֵיהֶם סָבִיב ׀ 2
סָבִיב וְהִנֵּה רַבּוֹת מְאֹד עַל־פְּנֵי הַבִּקְעָה וְהִנֵּה יְבֵשׁוֹת
מְאֹד׃ וַיֹּאמֶר אֵלַי בֶּן־אָדָם הֲתִחְיֶינָה הָעֲצָמוֹת הָאֵלֶּה 3
וָאֹמַר אֲדֹנָי יֱהוִה אַתָּה יָדָעְתָּ׃ וַיֹּאמֶר אֵלַי הִנָּבֵא עַל־ 4
הָעֲצָמוֹת הָאֵלֶּה וְאָמַרְתָּ אֲלֵיהֶם הָעֲצָמוֹת הַיְבֵשׁוֹת שִׁמְעוּ
דְּבַר־יְהוָה׃ כֹּה אָמַר אֲדֹנָי יֱהוִה לָעֲצָמוֹת הָאֵלֶּה ה
הִנֵּה אֲנִי מֵבִיא בָכֶם רוּחַ וִחְיִיתֶם׃ וְנָתַתִּי עֲלֵיכֶם גִּדִים 6
וְהַעֲלֵתִי עֲלֵיכֶם בָּשָׂר וְקָרַמְתִּי עֲלֵיכֶם עוֹר וְנָתַתִּי בָכֶם
רוּחַ וִחְיִיתֶם וִידַעְתֶּם כִּי־אֲנִי יְהוָה׃ וְנִבֵּאתִי כַּאֲשֶׁר צֻוֵּיתִי 7
וַיְהִי־קוֹל כְּהִנָּבְאִי וְהִנֵּה־רַעַשׁ וַתִּקְרְבוּ עֲצָמוֹת עֶצֶם אֶל־
עַצְמוֹ׃ וְרָאִיתִי וְהִנֵּה־עֲלֵיהֶם גִּדִים וּבָשָׂר עָלָה וַיִּקְרַם 8
עֲלֵיהֶם עוֹר מִלְמָעְלָה וְרוּחַ אֵין בָּהֶם׃ וַיֹּאמֶר אֵלַי הִנָּבֵא 9
אֶל־הָרוּחַ הִנָּבֵא בֶן־אָדָם וְאָמַרְתָּ אֶל־הָרוּחַ כֹּה־אָמַר ׀
אֲדֹנָי יֱהוִה מֵאַרְבַּע רוּחוֹת בֹּאִי הָרוּחַ וּפְחִי בַּהֲרוּגִים
הָאֵלֶּה וְיִחְיוּ׃ וְהִנַּבֵּאתִי כַּאֲשֶׁר צִוָּנִי וַתָּבוֹא בָהֶם הָרוּחַ י
וַיִּחְיוּ וַיַּעַמְדוּ עַל־רַגְלֵיהֶם חַיִל גָּדוֹל מְאֹד־מְאֹד׃ וַיֹּאמֶר 11
אֵלַי בֶּן־אָדָם הָעֲצָמוֹת הָאֵלֶּה כָּל־בֵּית יִשְׂרָאֵל הֵמָּה הִנֵּה
אֹמְרִים יָבְשׁוּ עַצְמוֹתֵינוּ וְאָבְדָה תִקְוָתֵנוּ נִגְזַרְנוּ לָנוּ׃

אוּנְד װיסְט, אוּנְד אָפְּגֶעבְּרָאכֶען, זֶענֶען
גֶעװָארֶען צוּ פֶעסְטֶע אוּנְד בֶּעװָאוּינְטֶע:
36 אוּנְד דִיא גוֹיִם װָאס זֶענֶען אִיבֶּערְגֶע־
בְּלִיבֶּען רִינְגְס אַרוּם אַייךְ װֶעלֶען װִיסֶען אַז
אִיךְ דֶער הַאר בּוֹיעֶ אוֹיף דָאס צוּפַאלֶענֶע,
אוּנְד אִיךְ פְּלַאנְץ דָאס פֶערְװִיסְטֶעטֶע, אִיךְ
דֶער הַאר הָאבּ עֶס גֶערֶעט אוּנְד הָאבּ עֶס
(אוֹיךְ) גֶעטְהוּן: 37 אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר
גָאט, נָאךְ װֶעגֶען דֶעם דָאזִיגֶען מָאל װֶעל
אִיךְ גֶעפָארְשְׁט װֶערֶען פוּן דֶעם הוֹיז
יִשְׂרָאֵל עֶס פַאר זֵייא צוּ טְהוּן, אִיךְ װֶעל
פַאר זֵייא מֶענְשֶׁען פֶערְמֶעהְרֶען אַזוֹי װִיא
שָׁאף: 38 אַזוֹי װִיא הֵיילִיגֶע שָׁאף,—
אַזוֹי װִיא דִיא שָׁאף פוּן יְרוּשָׁלַיִם, אִין
זֵיירֶע יָמִים טוֹבִים, אַזוֹי װֶעלֶען זֵיין
דִיא װִיסְטֶע שְׁטֶעט פוּל מִיט שָׁאף פוּן
מֶענְשֶׁען, אוּנְד זֵייא װֶעלֶען װִיסֶען אַז אִיךְ
בִּין דֶער הַאר:

## קאפיטעל לז

1 דִיא הַאנְד פוּן דֶעם הַאר אִיז אוֹיף מִיר
גֶעװֶעזֶען, אוּנְד דֶער הַאר הָאט מִיךְ אַרוֹיס־
גֶעבְּרַאכְט דוּרְךְ דֶעם רוּחַ (הַקּוֹדֶשׁ), אוּנְד
עֶר הָאט מִיךְ אַרוּפְגֶעלָאזְט אִין דֶער מִיטֶען פוּן דֶעם טְהָאל, װָאס אִיז גֶעװֶעזֶען פוּל מִיט
בֵּיינֶער: 2 אוּנְד עֶר הָאט מִיךְ אִיבֶּער זֵייא דוּרְכְגֶעפִיהְרְט אַרוּם אוּנְד אַרוּם, אוּנְד זֶעה, זֵייא
זֶענֶען זֶעהְר פִיל גֶעװֶעזֶען אִין דֶעם אָפֶּענֶעם טְהָאל, אוּנְד זֶעה, זֵייא זֶענֶען גֶעװֶעזֶען זֶעהְר
טְרוּקֶען (פֶערְדַארְט): 3 אוּנְד עֶר הָאט צוּ מִיר גֶעזָאגְט, בֶּן־אָדָם, קֶענֶען דִיא דָאזִיגֶע בֵּיינֶער
לֶעבֶּען? אַזוֹי הָאבּ אִיךְ גֶעזָאגְט, אוֹי הַאר גָאט, דוּא אַלֵיין װֵייסְט עֶס: 4 אוּנְד עֶר הָאט צוּ
מִיר גֶעזָאגְט, זָאג נְבוּאוֹת אִיבֶּער דִיא דָאזִיגֶע בֵּיינֶער, אוּנְד דוּא זָאלְסְט צוּ זֵייא זָאגֶען, אוֹי
אִיהְר פֶערְדַארְטֶע בֵּיינֶער, הֶערְט דָאס װָארְט פוּן דֶעם הַאר! 5 אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר גָאט צוּ
דִיא דָאזִיגֶע בֵּיינֶער, זֶעהְט אִיךְ װֶעל אִין אֵייךְ אַרֵיינְבְּרֶענְגֶען אַ רוּחַ אוּנְד אִיהְר װֶעט לֶעבֶּען:
6 אוּנְד אִיךְ װֶעל אוֹיף אֵייךְ גֶעבֶּען אָדֶערְן, אוּנְד אִיךְ װֶעל אוֹיף אֵייךְ בְּרֶענְגֶען פְלֵיישׁ, אוּנְד
אִיךְ װֶעל אֵייךְ בֶּעדֶעקֶען מִיט הוֹיט, אוּנְד אִיךְ װֶעל אִין אֵייךְ גֶעבֶּען אַ רוּחַ, אוּנְד אִיהְר װֶעט
לֶעבֶּעדִיג װֶערֶען, אוּנְד אִיהְר װֶעט װִיסֶען אַז אִיךְ בִּין דֶער הַאר: 7 אַזוֹי הָאבּ אִיךְ
נְבוּאוֹת גֶעזָאגְט, װִיא מֶען הָאט מִיר גֶעבָּאטֶען; אוּנְד װֶען אִיךְ הָאבּ נְבוּאוֹת גֶעזָאגְט,
אַזוֹי אִיז גֶעװֶעזֶען אַ קוֹל, אוּנְד זֶעה, עֶס אִיז גֶעװֶעזֶען אַ רַעַשׁ, װָארִין דִיא בֵּיינֶער
זֶענֶען נָאהֶענְט גֶעקוּמֶען אֵיין בֵּיין צוּם אַנְדֶערְן בֵּיין: 8 אוּנְד װֶען אִיךְ הָאבּ גֶעזֶע־
הֶען, זֶעה, עֶס אִיז אִיבֶּער זֵייא גֶעװֶעזֶען אָדֶערְן, אוּנְד פְלֵיישׁ אִיז אוֹיף זֵייא גֶעקוּמֶען,
אוּנְד אַ הוֹיט הָאט זֵייא בֶּעדֶעקְט פוּן אוֹיבֶּען, אָבֶּער עֶס אִיז אִין זֵייא נִיט גֶעװֶעזֶען
קֵיין רוּחַ: 9 אוּנְד עֶר הָאט צוּ מִיר גֶעזָאגְט, זָאג נְבוּאוֹת צוּ דֶעם רוּחַ, זָאג נְבוּאוֹת
דוּא בֶּן־אָדָם! אוּנְד דוּא זָאלְסְט זָאגֶען צוּ דֶעם רוּחַ, אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר גָאט, קוּם
פוּן דִיא פִיעֶר װִינְדֶען, אוֹי רוּחַ, אוּנְד בְּלָאז אוֹיף דִיא דָאזִיגֶע הֲרוּגִים כְּדֵי זֵייא זָאלֶען
לֶעבֶּען: 10 אוּנְד אִיךְ הָאבּ נְבוּאוֹת גֶעזָאגְט אַזוֹי װִיא עֶר הָאט מִיר גֶעבָּאטֶען, אוּנְד
דֶער רוּחַ אִיז אִין זֵייא אַרֵיינְגֶעקוּמֶען, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעלֶעבְּט, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען
זִיךְ אוֹיפְגֶעשְׁטֶעלְט אוֹיף זֵיירֶע פִיס אַ זֶעהְר גְרוֹיסֶעם חַיִל: 11 אוּנְד עֶר הָאט
צוּ מִיר גֶעזָאגְט, בֶּן־אָדָם, דִיא דָאזִיגֶע בֵּיינֶער זֶענֶען דָאס גַאנְצֶע הוֹיז פוּן
יִשְׂרָאֵל, זֶעה, זֵייא זָאגֶען אוּנְזֶערֶע בֵּיינֶער זֶענֶען פֶערְדַארְט, אוּנְד אוּנְזֶערֶע
הָאפֶענוּנְג אִיז פֶערְלוֹירֶען, אוּנְד מִיר זֶענֶען פֶערְשְׁנִיטֶען גֶעװָארֶען: 12 דָארוּם

12 לָכֵן הִנָּבֵא וְאָמַרְתָּ אֲלֵיהֶם כֹּה־אָמַר אֲדֹנָי יֱהֹוִה הִנֵּה
אֲנִי פֹתֵחַ אֶת־קִבְרוֹתֵיכֶם וְהַעֲלֵיתִי אֶתְכֶם מִקִּבְרוֹתֵיכֶם
13 עַמִּי וְהֵבֵאתִי אֶתְכֶם אֶל־אַדְמַת יִשְׂרָאֵל׃ וִידַעְתֶּם כִּי־אֲנִי
יְהֹוָה בְּפִתְחִי אֶת־קִבְרוֹתֵיכֶם וּבְהַעֲלוֹתִי אֶתְכֶם
14 מִקִּבְרוֹתֵיכֶם עַמִּי׃ וְנָתַתִּי רוּחִי בָכֶם וִחְיִיתֶם וְהִנַּחְתִּי
אֶתְכֶם עַל־אַדְמַתְכֶם וִידַעְתֶּם כִּי אֲנִי יְהֹוָה דִּבַּרְתִּי וְעָשִׂיתִי
טו נְאֻם־יְהֹוָה׃ וַיְהִי דְבַר־יְהֹוָה אֵלַי לֵאמֹר׃ וְאַתָּה 16
בֶן־אָדָם קַח־לְךָ עֵץ אֶחָד וּכְתֹב עָלָיו לִיהוּדָה וְלִבְנֵי
יִשְׂרָאֵל חֲבֵרָו וּלְקַח עֵץ אֶחָד וּכְתוֹב עָלָיו לְיוֹסֵף עֵץ
17 אֶפְרַיִם וְכָל־בֵּית יִשְׂרָאֵל חֲבֵרָו׃ וְקָרַב אֹתָם אֶחָד אֶל־
18 אֶחָד לְךָ לְעֵץ אֶחָד וְהָיוּ לַאֲחָדִים בְּיָדֶךָ׃ וְכַאֲשֶׁר יֹאמְרוּ
אֵלֶיךָ בְּנֵי עַמְּךָ לֵאמֹר הֲלוֹא־תַגִּיד לָנוּ מָה־אֵלֶּה לָּךְ׃
19 דַּבֵּר אֲלֵהֶם כֹּה־אָמַר אֲדֹנָי יֱהֹוִה הִנֵּה אֲנִי לֹקֵחַ אֶת־עֵץ
יוֹסֵף אֲשֶׁר בְּיַד־אֶפְרַיִם וְשִׁבְטֵי יִשְׂרָאֵל חֲבֵרָו וְנָתַתִּי אוֹתָם
עָלָיו אֶת־עֵץ יְהוּדָה וַעֲשִׂיתִם לְעֵץ אֶחָד וְהָיוּ אֶחָד בְּיָדִי׃
כ וְהָיוּ הָעֵצִים אֲשֶׁר תִּכְתֹּב עֲלֵיהֶם בְּיָדְךָ לְעֵינֵיהֶם׃ וְדַבֵּר 21
אֲלֵיהֶם כֹּה־אָמַר אֲדֹנָי יֱהֹוִה הִנֵּה אֲנִי לֹקֵחַ אֶת־בְּנֵי
יִשְׂרָאֵל מִבֵּין הַגּוֹיִם אֲשֶׁר הָלְכוּ־שָׁם וְקִבַּצְתִּי אֹתָם
22 מִסָּבִיב וְהֵבֵאתִי אוֹתָם אֶל־אַדְמָתָם׃ וְעָשִׂיתִי אֹתָם לְגוֹי
אֶחָד בָּאָרֶץ בְּהָרֵי יִשְׂרָאֵל וּמֶלֶךְ אֶחָד יִהְיֶה לְכֻלָּם לְמֶלֶךְ
וְלֹא יִהְיֶה־עוֹד לִשְׁנֵי גוֹיִם וְלֹא יֵחָצוּ עוֹד לִשְׁתֵּי מַמְלָכוֹת
23 עוֹד׃ וְלֹא יִטַּמְּאוּ עוֹד בְּגִלּוּלֵיהֶם וּבְשִׁקּוּצֵיהֶם וּבְכֹל
פִּשְׁעֵיהֶם וְהוֹשַׁעְתִּי אֹתָם מִכֹּל מוֹשְׁבֹתֵיהֶם אֲשֶׁר חָטְאוּ
בָהֶם וְטִהַרְתִּי אוֹתָם וְהָיוּ־לִי לְעָם וַאֲנִי אֶהְיֶה לָהֶם
24 לֵאלֹהִים׃ וְעַבְדִּי דָוִד מֶלֶךְ עֲלֵיהֶם וְרוֹעֶה אֶחָד יִהְיֶה
כה לְכֻלָּם וּבְמִשְׁפָּטַי יֵלֵכוּ וְחֻקּוֹתַי יִשְׁמְרוּ וְעָשׂוּ אוֹתָם׃ וְיָשְׁבוּ
עַל־הָאָרֶץ אֲשֶׁר נָתַתִּי לְעַבְדִּי לְיַעֲקֹב אֲשֶׁר יָשְׁבוּ־בָהּ

זָאג נְבוּאוֹת, אוּנְד דוּא זָאלְסְט צוּ זֵייא זָאגֶען, אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר גָאט, זֶעהְט, אִיךְ וֶועל אוֹיפְמַאכֶען אֵייעֶרֶע קְבָרִים, אוּנְד אִיךְ וֶועל אֵייךְ אַרוֹיפְבְּרֶענְגֶען פוּן אֵייעֶרֶע קְבָרִים, אוֹי מֵיין פָאלְק! אוּנְד אִיךְ וֶועל אֵייךְ אַרֵיינְבְּרֶענְגֶען צוּ דֶעם לַאנְד פוּן יִשְׂרָאֵל׃ 13 אוּנְד אִיהְר וֶועט וִויסֶען אַז אִיךְ בִּין דֶער הַאר, וֶוען אִיךְ וֶועל עֶפֶענֶען אֵייעֶרֶע קְבָרִים, אוּנְד וֶוען אִיךְ וֶועל אֵייךְ אַרוֹיפְבְּרֶענְגֶען פוּן אֵייעֶרֶע קְבָרִים, אוֹי מֵיין פָאלְק׃ 14 אוּנְד אִיךְ וֶועל גֶעבֶּען מֵיין רוּחַ אִין אֵייךְ, אוּנְד אִיהְר וֶועט (ווִידֶער) לֶעבֶּעדִיג וֶוערֶען, אוּנְד אִיךְ וֶועל אֵייךְ מַאכֶען רוּהֶען אוֹיף אֵייעֶר אֵייגֶען לַאנְד, אוּנְד אִיהְר וֶועט וִויסֶען אַז אִיךְ דֶער הַאר הָאבּ עֶס גֶערֶעט, אוּנְד אִיךְ הָאבּ עֶס (אוֹיךְ) גֶעטְהוּן, זָאגְט דֶער הַאר׃ 15 אוּנְד דָאס וָוארְט פוּן דֶעם הַאר אִיז צוּ מִיר גֶעוֶועזֶען, אַזוֹי צוּ זָאגֶען׃ 16 אוּנְד דוּא בֶּן־אָדָם, נֶעם דִיר אַ הָאלְץ אוּנְד שְׁרֵייבּ דַארוֹיף פַאר יְהוּדָה אוּנְד דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל זֵיינֶע חֲבֵרִים, דֶערְנָאךְ נֶעם אֵיין אַנְדֶערֶעס הָאלְץ אוּנְד שְׁרֵייבּ דַארוֹיף פַאר יוֹסֵף, דָאס הָאלְץ פוּן אֶפְרַיִם, אוּנְד דָאס גַאנְצֶע הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן יִשְׂרָאֵל זֵיינֶע חֲבֵרִים׃ 17 אוּנְד גֶענֶעהְן זֵייא אֵיינְס צוּם אַנְדֶערְן צוּ אֵיין (שְׁטִיק) הָאלְץ, אוּנְד זֵייא וֶועלֶען וֶוערֶען אֵיינְס אִין דֵיינֶע הַאנְד׃ 18 אוּנְד וֶוען דִיא קִינְדֶער פוּן דֵיין פָאלְק וֶועלֶען צוּ דִיר זָאגֶען, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, ווִילְסְט דוּא אוּנְס נִיט אָנְזָאגֶען וָואס דָאס אִיז צוּ דִיר, (וָואס דָאס בֶּעדֵייט)׃ 19 רֶעד צוּ זֵייא, אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר גָאט, זֶעה, אִיךְ נֶעם דָאס הָאלְץ פוּן יוֹסֵף וָואס אִיז אִין דִיא הַאנְד פוּן אֶפְרַיִם, אוּנְד דִיא שְׁבָטִים פוּן יִשְׂרָאֵל זֵיינֶע חֲבֵרִים, אוּנְד אִיךְ וֶועל זֵייא גֶעבֶּען אוֹיף (צוּ) דֶעם הָאלְץ פוּן יְהוּדָה, אוּנְד אִיךְ וֶועל זֵייא מַאכֶען צוּ אֵיין הָאלְץ, אוּנְד זֵייא וֶועלֶען זֵיין אֵיינְס אִין מֵיינֶע הַאנְד׃ 20 אוּנְד דִיא הֶעלְצֶער אוֹיף ווֶעלְכֶע דוּא הָאסְט גֶעשְׁרִיבֶּען זָאלֶען זֵיין אִין דֵיינֶע הַאנְד פָאר זֵייעֶרֶע אוֹיגֶען׃ 21 אוּנְד דוּא זָאלְסְט צוּ זֵייא רֶעדֶען, אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר גָאט, זֶעה, אִיךְ וֶועל (אַרוֹיס) נֶעמֶען דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל פוּן צְווִישֶׁען דִיא גוֹיִם, אַוְואוּ זֵייא זֶענֶען דָארְט אַהִינְגֶעגַאנְגֶען, אוּנְד אִיךְ וֶועל זֵייא פֶערְזַאמֶעלְן פוּן רִינְגְס אַרוּם, אוּנְד אִיךְ וֶועל זֵייא אַרֵיינְבְּרֶענְגֶען אִין זֵייעֶר אֵייגֶען לַאנְד׃ 22 אוּנְד אִיךְ וֶועל זֵייא מַאכֶען פַאר אֵיין פָאלְק אִין דֶעם לַאנְד אוֹיף דִיא בֶּערְג פוּן יִשְׂרָאֵל, אוּנְד אֵיין מֶלֶךְ זָאל זֵיין צוּ אַלֶע פַאר אַ מֶלֶךְ, אוּנְד זֵייא וֶועלֶען נִיט מֶעהְר זֵיין צוּ צְווֵייא פֶעלְקֶער, אוּנְד זֵייא וֶועלֶען קֵיינְמָאל נִיט מֶעהְר צוּטֵיילְט זֵיין אִין צְווֵייא קֶענִיגְרֵייכֶע׃ 23 אוּנְד זֵייא וֶועלֶען זִיךְ נִיט מֶעהְר מְטַמֵּא זֵיין מִיט זֵייעֶרֶע גֶעצֶען אוּנְד מִיט זֵייעֶרֶע אוּמְוֶוערְדִיגְקֵייטֶען, אוּנְד מִיט אַלֶע זֵייעֶרֶע זִינְד, גֵייעֶרְט אִיךְ וֶועל זֵייא הֶעלְפֶען פוּן אַלֶע זֵייעֶרֶע ווְאוֹינוּנְגֶען אַוְואוּ זֵייא הָאבֶּען גֶעזִינְדִיגְט, אוּנְד אִיךְ וֶועל זֵייא רֵיינִיגֶען, אוּנְד זֵייא וֶועלֶען זֵיין מֵיין פָאלְק, אוּנְד אִיךְ וֶועל זֵיין זֵייעֶר גָאט׃ 24 אוּנְד מֵיין קְנֶעכְט דָוִד וֶועט זֵיין אַ מֶלֶךְ אִיבֶּער זֵייא, אוּנְד אֵיין פַאסְטוּךְ וֶועט זֵיין אִיבֶּער זֵייא אַלֶע, אוּנְד זֵייא וֶועלֶען גֶעהְן אִין מֵיינֶע מִשְׁפָּטִים, אוּנְד זֵייא וֶועלֶען הִיטֶען מֵיינֶע גֶעזֶעץ אוּנְד זֵייא וֶועלֶען זֵייא טְהוּן׃ 25 אוּנְד זֵייא וֶועלֶען ווְאוֹינֶען אִין דֶעם לַאנְד וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעגֶעבֶּען צוּ מֵיין קְנֶעכְט, צוּ יַעֲקֹב, אַוְואוּ אֵייעֶרֶע עֶלְטֶערְן הָאבֶּען גֶעוְואוֹינְט זֵייא וֶועלֶען דַארִין ווְאוֹינֶען,

זייא

זֵייא אוּנְד זֵיירֶע קִינְדֶער, אוּנְד זֵיירֶע קִינְדֶ'ס קִינְדֶער בִּיז אוֹיף עֶבִּיג, אוּנְד מֵיין קְנֶעכְט דָוִד וֶועט זֵיין אַ הַאר (נָשִׂיא) אִיבֶּער זֵייא אוֹיף עֶבִּיג׃ 26 אוּנְד אִיךְ וֶועל מִיט זֵייא מַאכֶען אַ בְּרִית פוּן שָׁלוֹם, עֶס וֶועט זֵיין אַיין עֶבִּיגֶער בְּרִית מִיט זֵייא, אוּנְד אִיךְ וֶועל זֵייא אַהִינְגֶעבֶּען אוּנְד זֵייא פֶערְמֶעהְרֶען, אוּנְד אִיךְ וֶועל צְווִישֶׁען זֵייא גֶעבֶּען מֵיין מִשְׁכָּן אוֹיף עֶבִּיג׃ 27 אוּנְד מֵיין מִשְׁכָּן וֶועט בַּייא זֵייא זֵיין אוּנְד אִיךְ וֶועל זֵיין זֵייעֶר גָאט, אוּנְד זֵייא וֶועלֶען זֵיין מֵיין פָאלְק׃ 28 אוּנְד דִיא גוֹיִם וֶועלֶען וִויסֶען אַז אִיךְ בִּין דֶער הַאר וָואס הֵיילִיגְט דִיא יִשְׂרָאֵל, וֶוען מֵיין מִקְדָשׁ וֶועט זֵיין צְווִישֶׁען זֵייא אוֹיף עֶבִּיג׃

## קאפיטעל לח

1 אוּנְד דָאס וָוארְט פוּן דֶעם הַאר אִיז צוּ מִיר גֶעוֶועזֶען, אַזוֹי צוּ זָאגֶען׃ 2 בֶּן־אָדָם, טְהוּא דֵיין פָּנִים קֶעגֶען גוֹג, פוּן דֶעם לַאנְד מָגוֹג, דֶער הַאר (נָשִׂיא) פוּן רֹאשׁ, מֶשֶׁךְ אוּנְד תּוּבָל, אוּנְד זָאג נְבוּאוֹת אִיבֶּער אִיהְם׃ 3 אוּנְד דוּא זָאלְסְט זָאגֶען, אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר גָאט, זֶעה, אִיךְ בִּין קֶעגֶען דִיר, אוֹי גוֹג, נָשִׂיא פוּן רֹאשׁ, מֶשֶׁךְ אוּנְד תּוּבָל׃ 4 אוּנְד אִיךְ וֶועל דִיךְ צוּרִיקְבְּרֶענְגֶען, אוּנְד אִיךְ וֶועל גֶעבֶּען אֵייזֶערְנֶע רִינְגֶען אִין דֵיינֶע קִינְבַּאקֶען, אוּנְד אִיךְ וֶועל דִיךְ אַרוֹיסְבְּרֶענְגֶען, אוּנְד דֵיין גַאנְצֶעס חַיִל, פֶערְד אוּנְד רֵייטֶער; אַלֶע פוּן זֵייא זֶענֶען אָנְגֶעקְלֵייד מִיט אַלֶערְלֵייא כְּלֵי זַיִן, אַ גְרוֹיסֶע פֶערְזַאמְלוּנְג, מִיט פַאנְצֶער אוּנְד שִׁילְדֶען, אַלֶע וָואס צִיהֶען אַרוֹיס שְׁוֶוערְדֶען׃ 5 פָּרַס, כּוּשׁ, אוּנְד פּוּט מִיט זֵייא, אַלֶע וֶועלֶען זֵיין גֶעוָואפֶענְט מִיט פַאנְצֶער אוּנְד (אֵייזֶערְנֶע) הִיטֶעל׃ 6 גוֹמֶר אוּנְד אַלֶע זֵיינֶע חַיָילוֹת, דָאס הוֹיז פוּן תּוֹגַרְמָה פוּן דֶער צָפוֹן־זֵייט אוּנְד אַלֶע זֵיינֶע חַיָילוֹת אַרוּם, אוּנְד פִילֶע פֶעלְקֶער מִיט דִיר׃ 7 בְּרֵייט דִיךְ אָן, אוּנְד זֵייא אָנְגֶעבְּרֵייט, דוּא, אוּנְד דֵיינֶע גַאנְצֶע פֶערְזַאמְלוּנְג, וָואס וֶועלֶען זִיךְ מִיט דִיר פֶערְזַאמְלֶען, אוּנְד דוּא וֶועסְט צוּ זֵייא זֵיין אַלְס שׁוֹמֵר׃ 8 (דֵיינֶע זִינְד) פוּן פִילֶע יָאהְרֶען וֶועלֶען בֶּעשְׁטְרָאפְט וֶוערֶען, אִין דִיא לֶעצְטֶע יָאהְרֶען וֶועסְט דוּא קוּמֶען צוּ דֶעם לַאנְד וָואס אִיז צוּרִיקְגֶעבְּרַאכְט גֶעוָוארֶען פוּן דֶעם שְׁוֶוערְד, אוּנְד וָואס אִיז פוּן פִילֶע פֶעלְקֶער פֶערְזַאמֶעלְט, אוֹיף דִיא בֶּערְג פוּן יִשְׂרָאֵל, וָואס זֶענֶען בֶּעשְׁטֶענְדִיג וִויסְט גֶעוֶועזֶען, אָבֶּער עֶס אִיז אַרוֹיסְגֶעבְּרַאכְט גֶעוָוארֶען פוּן דִיא פֶעלְקֶער, אוּנְד זֵייא וֶועלֶען אַלֶע ווְאוֹינֶען אִין זִיכֶערְהֵייט׃ 9 דוּא וֶועסְט אַרוֹיפְגֶעהֶן אוּנְד קוּמֶען אַזוֹי וִויא אַ שְׁטוּרְם, דוּא וֶועסְט זֵיין אַזוֹי וִויא אַ וָואלְקֶען, כְּדֵי דָאס לַאנְד צוּ בֶּעדֶעקֶען, דוּא אוּנְד דֵיינֶע גַאנְצֶע חַיָילוֹת, אוּנְד פִילֶע פֶעלְקֶער מִיט דִיר׃ 10 אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר גָאט, אוּנְד עֶס וֶועט זֵיין אִיז דֶעם דָאזִיגֶען טָאג וֶועלֶען דִיא וֶוערְטֶער אַרוֹיפְקוּמֶען אוֹיף דֵיין הַארְץ אוּנְד דוּא וֶועסְט דֶענְקֶען שְׁלֶעכְטֶע גֶעדַאנְקֶען׃ 11 אוּנְד דוּא וֶועסְט זָאגֶען, אִיךְ וֶועל אַרוֹיפְגֶעהְן צוּ דֶעם אָפֶענֶעם לַאנְד וָואס הָאבֶּען קֵיינֶע מוֹיעֶרְן, אוּנְד אִיךְ וֶועל קוּמֶען אִיבֶּער דִיא רוּהִיגֶע, אוּנְד וָואס ווְאוֹינֶען אִין זִיכֶערְהֵייט, זֵייא ווְאוֹינֶען אַלֶע אָהְנֶע מוֹיעֶרְן, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען קֵיינֶע רִיגֶעלְן אוּנְד קֵיינֶע טִירֶען׃ 12 כְּדֵי צוּ רוֹיבֶּען אוּנְד צוּ פְּלִינְדֶערְן, אוּנְד דֵיינֶע הַאנְד צוּ קֶעהְרֶען צוּ דִיא חוּרְבוֹת וָואס זֶענֶען אַצוּנְד בֶּעוְואוֹינְט, אוּנְד צוּ דֶעם פָאלְק וָואס אִיז אֵיינְגֶעזַאמֶעלְט פוּן דִיא פֶעלְקֶער,

אֲבוֹתֵיכֶם וְיָשְׁבוּ עָלֶיהָ הֵמָּה וּבְנֵיהֶם וּבְנֵי בְנֵיהֶם עַד־
26 עוֹלָם וְדָוִד עַבְדִּי נָשִׂיא לָהֶם לְעוֹלָם׃ וְכָרַתִּי לָהֶם בְּרִית
שָׁלוֹם בְּרִית עוֹלָם יִהְיֶה אוֹתָם וּנְתַתִּים וְהִרְבֵּיתִי אוֹתָם
27 וְנָתַתִּי אֶת־מִקְדָּשִׁי בְּתוֹכָם לְעוֹלָם׃ וְהָיָה מִשְׁכָּנִי עֲלֵיהֶם
28 וְהָיִיתִי לָהֶם לֵאלֹהִים וְהֵמָּה יִהְיוּ־לִי לְעָם׃ וְיָדְעוּ הַגּוֹיִם
כִּי אֲנִי יְהוָֹה מְקַדֵּשׁ אֶת־יִשְׂרָאֵל בִּהְיוֹת מִקְדָּשִׁי בְּתוֹכָם
לְעוֹלָם׃ ·

## לח

לח
א 2 וַיְהִי דְבַר־יְהוָֹה אֵלַי לֵאמֹר׃ בֶּן־אָדָם שִׂים פָּנֶיךָ אֶל־גּוֹג
3 אֶרֶץ הַמָּגוֹג נְשִׂיא רֹאשׁ מֶשֶׁךְ וְתֻבָל וְהִנָּבֵא עָלָיו׃ וְאָמַרְתָּ
כֹּה אָמַר אֲדֹנָי יֱהוִֹה הִנְנִי אֵלֶיךָ גּוֹג נְשִׂיא רֹאשׁ מֶשֶׁךְ
4 וְתֻבָל׃ וְשׁוֹבַבְתִּיךָ וְנָתַתִּי חַחִים בִּלְחָיֶיךָ וְהוֹצֵאתִי אוֹתְךָ
וְאֶת־כָּל־חֵילֶךָ סוּסִים וּפָרָשִׁים לְבֻשֵׁי מִכְלוֹל כֻּלָּם קָהָל
ה רָב צִנָּה וּמָגֵן תֹּפְשֵׂי חֲרָבוֹת כֻּלָּם׃ פָּרַס כּוּשׁ וּפוּט
6 אִתָּם כֻּלָּם מָגֵן וְכוֹבָע׃ גֹּמֶר וְכָל־אֲגַפֶּיהָ בֵּית תּוֹגַרְמָה
7 יַרְכְּתֵי צָפוֹן וְאֶת־כָּל־אֲגַפָּיו עַמִּים רַבִּים אִתָּךְ׃ הִכֹּן
וְהָכֵן לְךָ אַתָּה וְכָל־קְהָלֶךָ הַנִּקְהָלִים עָלֶיךָ וְהָיִיתָ לָהֶם
8 לְמִשְׁמָר׃ מִיָּמִים רַבִּים תִּפָּקֵד בְּאַחֲרִית הַשָּׁנִים תָּבוֹא ׀
אֶל־אֶרֶץ ׀ מְשׁוֹבֶבֶת מֵחֶרֶב מְקֻבֶּצֶת מֵעַמִּים רַבִּים עַל
הָרֵי יִשְׂרָאֵל אֲשֶׁר־הָיוּ לְחָרְבָּה תָּמִיד וְהִיא מֵעַמִּים
9 הוּצָאָה וְיָשְׁבוּ לָבֶטַח כֻּלָּם׃ וְעָלִיתָ כַּשֹּׁאָה תָבוֹא כֶּעָנָן
לְכַסּוֹת הָאָרֶץ תִּהְיֶה אַתָּה וְכָל־אֲגַפֶּיךָ וְעַמִּים רַבִּים אוֹתָךְ׃
י כֹּה אָמַר אֲדֹנָי יֱהוִֹה וְהָיָה ׀ בַּיּוֹם הַהוּא יַעֲלוּ
11 דְבָרִים עַל־לְבָבֶךָ וְחָשַׁבְתָּ מַחֲשֶׁבֶת רָעָה׃ וְאָמַרְתָּ אֶעֱלֶה
עַל־אֶרֶץ פְּרָזוֹת אָבוֹא הַשֹּׁקְטִים יֹשְׁבֵי לָבֶטַח כֻּלָּם יֹשְׁבִים
12 בְּאֵין חוֹמָה וּבְרִיחַ וּדְלָתַיִם אֵין לָהֶם׃ לִשְׁלֹל שָׁלָל וְלָבֹז
בַּז לְהָשִׁיב יָדְךָ עַל־חֳרָבוֹת נוֹשָׁבוֹת וְאֶל־עַם מְאֻסָּף מִגּוֹיִם

וואס

13 עֹשֶׂה מִקְנֶה וְקִנְיָן יֹשְׁבֵי עַל־טַבּוּר הָאָרֶץ: שְׁבָא וּדְדָן
וְסֹחֲרֵי תַרְשִׁישׁ וְכָל־כְּפִירֶיהָ יֹאמְרוּ לְךָ הֲלִשְׁלֹל שָׁלָל
אַתָּה בָא הֲלָבֹז בַּז הִקְהַלְתָּ קְהָלֶךָ לָשֵׂאת ׀ כֶּסֶף וְזָהָב
14 לָקַחַת מִקְנֶה וְקִנְיָן לִשְׁלֹל שָׁלָל גָּדוֹל: לָכֵן הִנָּבֵא בֶן־
אָדָם וְאָמַרְתָּ לְגוֹג כֹּה אָמַר אֲדֹנָי יֱהֹוִה הֲלוֹא ׀ בַּיּוֹם
טו הַהוּא בְּשֶׁבֶת עַמִּי יִשְׂרָאֵל לָבֶטַח תֵּדָע: וּבָאתָ מִמְּקוֹמְךָ
מִיַּרְכְּתֵי צָפוֹן אַתָּה וְעַמִּים רַבִּים אִתָּךְ רֹכְבֵי סוּסִים כֻּלָּם
16 קָהָל גָּדוֹל וְחַיִל רָב: וְעָלִיתָ עַל־עַמִּי יִשְׂרָאֵל כֶּעָנָן לְכַסּוֹת
הָאָרֶץ בְּאַחֲרִית הַיָּמִים תִּהְיֶה וַהֲבִאוֹתִיךָ עַל־אַרְצִי לְמַעַן
17 דַּעַת הַגּוֹיִם אֹתִי בְּהִקָּדְשִׁי בְךָ לְעֵינֵיהֶם גּוֹג: כֹּה־
אָמַר אֲדֹנָי יֱהֹוִה הַאַתָּה־הוּא אֲשֶׁר־דִּבַּרְתִּי בְּיָמִים קַדְמוֹנִים
בְּיַד עֲבָדַי נְבִיאֵי יִשְׂרָאֵל הַנִּבְּאִים בַּיָּמִים הָהֵם שָׁנִים לְהָבִיא
18 אֹתְךָ עֲלֵיהֶם: וְהָיָה ׀ בַּיּוֹם הַהוּא בְּיוֹם בּוֹא גוֹג עַל־
אַדְמַת יִשְׂרָאֵל נְאֻם אֲדֹנָי יֱהֹוִה תַּעֲלֶה חֲמָתִי בְּאַפִּי:
19 וּבְקִנְאָתִי בְאֵשׁ־עֶבְרָתִי דִּבַּרְתִּי אִם־לֹא ׀ בַּיּוֹם הַהוּא יִהְיֶה
כ רַעַשׁ גָּדוֹל עַל אַדְמַת יִשְׂרָאֵל: וְרָעֲשׁוּ מִפָּנַי דְּגֵי הַיָּם וְעוֹף
הַשָּׁמַיִם וְחַיַּת הַשָּׂדֶה וְכָל־הָרֶמֶשׂ הָרֹמֵשׂ עַל־הָאֲדָמָה וְכֹל
הָאָדָם אֲשֶׁר עַל־פְּנֵי הָאֲדָמָה וְנֶהֶרְסוּ הֶהָרִים וְנָפְלוּ
21 הַמַּדְרֵגוֹת וְכָל־חוֹמָה לָאָרֶץ תִּפּוֹל: וְקָרָאתִי עָלָיו לְכָל־
הָרַי חֶרֶב נְאֻם אֲדֹנָי יֱהֹוִה חֶרֶב אִישׁ בְּאָחִיו תִּהְיֶה:
22 וְנִשְׁפַּטְתִּי אִתּוֹ בְּדֶבֶר וּבְדָם וְגֶשֶׁם שׁוֹטֵף וְאַבְנֵי אֶלְגָּבִישׁ
אֵשׁ וְגָפְרִית אַמְטִיר עָלָיו וְעַל־אֲגַפָּיו וְעַל־עַמִּים רַבִּים אֲשֶׁר
23 אִתּוֹ: וְהִתְגַּדִּלְתִּי וְהִתְקַדִּשְׁתִּי וְנוֹדַעְתִּי לְעֵינֵי גּוֹיִם רַבִּים
וְיָדְעוּ כִּי־אֲנִי יְהֹוָה:

## לט לט

א וְאַתָּה בֶן־אָדָם הִנָּבֵא עַל־גּוֹג וְאָמַרְתָּ כֹּה אָמַר אֲדֹנָי יֱהֹוִה
2 הִנְנִי אֵלֶיךָ גּוֹג נְשִׂיא רֹאשׁ מֶשֶׁךְ וְתֻבָל: וְשֹׁבַבְתִּיךָ

וָואס הָאבְּען זִיךְ אָנְגֶעשַׁאפְט בְּהֵמוֹת
אוּנְד אַנְדֶערֶעס פֶערְמֶעגֶען, אוּנְד וָואס
וְואוֹינֶען אִין דֶער מִיטֶע פוּן דֶעם לַאנְד:
13 שְׁבָא אוּנְד דְדָן, אוּנְד דִיא כּוֹחְרִים
פוּן תַּרְשִׁישׁ מִיט אַלֶע יוּנְגֶע לֵייבֶּען
זָאלֶען צוּ דִיר זָאגֶען, בִּיזְט דוּא אַהֶערְ־
גֶעקוּמֶען צוּ רוֹיבֶּען זַאקְרוֹיב? הָאסְט
דוּא דֶען פֶערְזַאמֶעלְט דֵיינֶע פֶערְזַאמְלוּנְג
כְּדֵי צוּ רוֹיבֶּען? אַוֶעקְצוּטְרָאגֶען זִילְבֶּער
אוּנְד גָאלְד, אַוֶעקְצוּנֶעמֶען בְּהֵמוֹת אוּנְד
פֶערְמֶעגֶען, צוּ רוֹיבֶּען אַ גְרוֹיסֶען זַאקְ־
רוֹיב? 14 דָארוּם, זָאג נְבוּאוֹת, דוּא
בֶּן־אָדָם, אוּנְד דוּא זָאלְסְט זָאגֶען צוּ
גוֹג; אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר גָאט, אִין דֶעם
טָאג וֶוען מֵיין פָאלְק יִשְׂרָאֵל וֶועט אִין
זִיכֶערְהֵייט וְואוֹינֶען זָאלְסְט דוּא עֶס (נִיט)
וִויסֶען? 15 אוּנְד דוּא וֶועסְט קוּמֶען פוּן
דֵיין אָרְט פוּן צָפוֹן־זֵייט, דוּא אוּנְד פִילֶע
פֶעלְקֶער מִיט דִיר, אַלֶע וֶועלֶען רֵייטֶען
אוֹיף פֶערְד, אַ גְרוֹיסֶע פֶערְזַאמְלוּנְג אוּנְד
אַ גְרוֹיס חַיִל: 16 אוּנְד דוּא וֶועסְט
אַרוֹיפְגֶעהְן קֶעגֶען מֵיין פָאלְק יִשְׂרָאֵל
אַזוֹי וִויא אַ וָואלְקֶען, כְּדֵי דָאס לַאנְד צוּ
בֶּעדֶעקֶען, דָאס וֶועט זֵיין אִין דִיא לֶעצְטֶע
טֶעג, אוּנְד אִיךְ וֶועל דִיךְ אַרֵיינְבְּרֶענְגֶען
צוּ מֵיין לַאנְד, כְּדֵי דִיא גוֹיִם זָאלֶען מִיךְ קֶענֶען, וֶוען אִיךְ וֶועל דוּרְךְ דִיר גֶעהֵיילִיגְט
וֶוערֶען פָאר זֵייעֶרֶע אוֹיגֶען, אוֹי גוֹג: 17 אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר גָאט, בִּיזְט דוּא דֶער פוּן
וֶועמֶען אִיךְ הָאבּ גֶערֶעדט אִין דִיא פָארְצֵייטִיגֶע טֶעג דוּרְךְ מֵיינֶע קְנֶעכְט דִיא נְבִיאִים
פוּן יִשְׂרָאֵל, וָואס הָאבֶּען נְבוּאוֹת גֶעזָאגְט אִין דִיא זֶעלְבִּיגֶע טֶעג פָאר יָאהְרֶען צוּרִיק
דָאס אִיךְ וֶועל דִיךְ קֶעגֶען זֵייא בְּרֶענְגֶען? 18 אוּנְד עֶס וֶועט זֵיין אִין דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען
טָאג, אִין דֶעם טָאג וֶוען גוֹג וֶועט קוּמֶען קֶעגֶען דֶעם לַאנְד יִשְׂרָאֵל, זָאגְט דֶער הַאר
גָאט, דָאס אִיךְ וֶועל לָאזֶען אוֹיפְגֶעהְן מֵיין גְרִימְצָארְן אִין מֵיין פָּנִים: 19 אוּנְד אִין
מֵיינֶע קִנְאָה אוּנְד מִיט דֶעם פֵייעֶר פוּן מֵיין גְרִימְצָארְן הָאבּ אִיךְ גֶערֶעדט, בֶּאֱמֶת,
אִין דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען טָאג וֶועט זֵיין אַ גְרוֹיסֶער רַעַשׁ אוֹיף דֶעם לַאנְד פוּן יִשְׂרָאֵל:
20 אוּנְד פָאר מִיר וֶועלֶען צִיטֶערְן דִיא פִישׁ פוּן דֶעם יָם, אוּנְד דִיא פֶעגֶעל פוּן
דֶעם הִימֶעל, אוּנְד דִיא חַיּוֹת פוּן דֶעם פֶעלְד, אוּנְד אַלֶערְלֵייא וִוירְמוּנְג וָואס
וִוירְמֶעט זִיךְ אוֹיף דֶער עֶרְד, אוּנְד אִיטְלִיכֶער מֶענְשׁ וָואס אִיז אוֹיף דֶער עֶרְד,
אוּנְד דִיא בֶּערְג וֶועלֶען אָפְּגֶעבְּרָאכֶען וֶוערֶען, אוּנְד דִיא שְׁטָאפֶּעלְן וֶועלֶען אֵיינְ־
פַאלֶען, אוּנְד אִיטְלִיכֶע מוֹיעֶר וֶועט פַאלֶען צוּ דֶער עֶרְד: 21 אוּנְד אִיךְ וֶועל
קֶעגֶען אִיהְם רוּפֶען אַ שְׁוֶוערְד אִיבֶּער אַלֶע בֶּערְג, זָאגְט דֶער הַאר גָאט, אוּנְד
דָאס שְׁוֶוערְד וֶועט זֵיין אֵיינֶער קֶעגֶען דֶעם אַנְדֶערְן: 22 אוּנְד אִיךְ וֶועל מִיט
אִיהְם מִשְׁפָּטְ׳ן (אִיהְם בֶּעשְׁטְרָאפֶען) מִיט פֶּעסְט, אוּנְד מִיט בְּלוּט, מִיט אַ פְלֵייצְ־
רֶעגֶען, אוּנְד מִיט הָאגֶעל־שְׁטֵיינֶער, אוּנְד מִיט פֵייעֶר אוּנְד שְׁוֶועבֶעל וֶועל אִיךְ
אוֹיף אִיהְם מַאכֶען רֶעגְנֶען, אוּנְד אוֹיף זֵיינֶע חֲיָלוֹת, אוּנְד אִיבֶּער דִיא פִילֶע
פֶעלְקֶער וָואס זֶענֶען מִיט אִיהְם: 23 אוּנְד אִיךְ וֶועל מִיךְ גְרוֹיס אוּנְד גֶעהֵיילִיגְט
מַאכֶען, אוּנְד אִיךְ וֶועל בֶּעקַאנְט וֶוערֶען פָאר דִיא אוֹיגֶען פוּן פִילֶע פֶעלְקֶער,
אוּנְד זֵייא וֶועלֶען וִויסֶען אַז אִיךְ בִּין דֶער הַאר:

## קאפּיטעל לט

1 אוּנְד דוּא בֶּן־אָדָם, זָאג נְבוּאוֹת אִיבֶּער גוֹג, אוּנְד דוּא זָאלְסְט זָאגֶען,
אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר גָאט, זֶעה, אִיךְ בִּין קֶעגֶען דִיר, אוֹי גוֹג, דוּא
נְשִׂיא פוּן רֹאשׁ, מֶשֶׁךְ אוּנְד תּוּבַל: 2 אִיךְ וֶועל דִיךְ צוּרִיק אוּמְקֶעהְרֶען,
אוּנְד

אוּנְד אִיךְ װֶעל דִיר נָאר אִיבֶּערְלָאזֶען אַ
זֶעקְסְטֶעל, אוּנְד אִיךְ װֶעל דִיךְ אַרוֹיפְבְּרֶענְ־
גֶען פוּן דִיא צָפוֹן־זַייטֶען, אוּנְד אִיךְ װֶעל
דִיךְ אַהִינְבְּרֶענְגֶען אוֹיף דִיא בֶּערְג פוּן
יִשְׂרָאֵל׃ 3 אוּנְד אִיךְ װֶעל שְׁלָאגֶען דַיין
בּוֹיגֶען אוֹיס דַיינֶע לִינְקֶע הַאנְד, אוּנְד דַיינֶע
פַיילֶען װֶעל אִיךְ מַאכֶען פַאלֶען אוֹיס דַיינֶע
רֶעכְטֶע הַאנְד׃ 4 דוּא װֶעסְט פַאלֶען אוֹיף
דִיא בֶּערְג פוּן יִשְׂרָאֵל, דוּא אוּנְד דַיינֶע גַאנְ־
צֶע חַיָילוֹת, אוּנְד אוֹיךְ דָאס פָאלְק װָאס אִיז
מִיט דִיר, אִיךְ הָאבּ דִיךְ אַהִינְגֶעגֶעבֶּען צוּ
אַלֶערְלֵייא רוֹיבְּפֶעגֶעל אוּנְד דִיא חַיוֹת פוּן
דֶעם פֶעלְד אוֹיפְצוּפְרֶעסֶען׃ 5 אוֹיף דֶעם
פְרֵייעֶן פֶעלְד װֶעסְט דוּא פַאלֶען, װָארִין אִיךְ
הָאבּ עֶס גֶערֶעט, זָאגְט דֶער הַאר גָאט׃
6 אוּנְד אִיךְ װֶעל אוֹיסְשִׁיקֶען אַ פֵייעֶר אִין
מָגוֹג, אוּנְד אוּנְטֶער דִיא װָאס װאוֹינֶען אִין
זִיכֶערְהֵייט אִין דִיא אִינְזֶעלְן, אוּנְד זֵייא װֶע־
לֶען װִיסֶען אַז אִיךְ בִּין דֶער הַאר׃ 7 אוּנְד
אִיךְ װֶעל בֶּעקַאנְט מַאכֶען מֵיין הֵיילִיגֶען
נָאמֶען צְװִישֶׁען מֵיין פָאלְק יִשְׂרָאֵל, אוּנְד
אִיךְ װֶעל נִיט מֶעהְר לָאזֶען מְחַלֵל זַיין
מֵיין הֵיילִיגֶען נָאמֶען, אוּנְד דִיא גוֹיִם װֶע־
לֶען װִיסֶען אַז אִיךְ בִּין דֶער הַאר, דֶער
הֵיילִיגֶער אִין יִשְׂרָאֵל׃ 8 זֶעה, עֶס קוּמְט אָן, אוּנְד עֶס אִיז שׁוֹין גֶעשֶׁעהֶען, זָאגְט דֶער
הַאר גָאט, דָאס אִיז דֶער טָאג פוּן װֶעלְכֶען אִיךְ הָאבּ גֶערֶעט׃ 9 אוּנְד דִיא װָאס בֶּעװאוֹינֶען
דִיא שְׁטֶעט פוּן יִשְׂרָאֵל װֶעלֶען אַרוֹיסְגֶעהֶען, אוּנְד זֵייא װֶעלֶען אָנְצִינְדֶען אוּנְד פֶערְבְּרֶע־
נֶען דִיא װַאפֶען אוּנְד דִיא שִׁילְדֶען, אוּנְד דִיא בּוֹיגֶען אוּנְד דִיא פֵיילֶען, אוּנְד דִיא שְׁטֶעקֶען
װָאס מֶען הַאלְט אִין דֶער הַאנְד אוּנְד דִיא שְׁפִּיזֶען, אוּנְד זֵייא װֶעלֶען מִיט זֵייא אָנְצִינְדֶען
אַ פֵייעֶר זִיבֶּען יָאהְר׃ 10 אוּנְד זֵייא װֶעלֶען נִיט מֶעהְר טְרָאגֶען הָאלְץ פוּן דֶעם פֶעלְד, אוּנְד
זֵייא װֶעלֶען עֶס נִיט בְּרוֹיכֶען צוּ הַאקֶען פוּן דִיא װֶעלְדֶער, נֵייעֶרְט מֶען װֶעט אָנְצִינְדֶען פֵיי־
עֶר מִיט דִיא װַאפֶען, אוּנְד זֵייא װֶעלֶען בֶּערוֹיבֶּען זֵיירֶע רוֹיבֶּערְס אוּנְד פְּלִינְדֶערְן דִיא װָאס
הָאבֶּען זֵייא בֶּערוֹיבְּט, זָאגְט דֶער הַאר גָאט׃ 11 אוּנְד עֶס װֶעט זַיין אִין דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען טָאג אַז
אִיךְ װֶעל דָארְט גֶעבֶּען צוּ גוֹג אֵיין אָרְט װָאס װֶעט זַיין פַאר קְבָרִים צְװִישֶׁען יִשְׂרָאֵל, דָאס
טְהָאל אַװֶעק מֶען גֶעהְט אַרִיבֶּער אַן דֶער מִזְרַח־זַייט פוּן דֶעם יַם אוּנְד דֶער גֶעשְׁטַאנְק פוּן דִיא
פְּגָרִים װֶעט פֶערְשְׁטֶעכֶען דִיא נֶעזֶער פוּן דִיא אִיבֶּערְגֶעהֶערְס, אוּנְד דָארְט װֶעט מֶען בֶּע־
גְרָאבֶּען גוֹג אוּנְד זַיינֶע גַאנְצֶע מַאסֶע (חַיִל), אוּנְד זֵייא װֶעלֶען עֶס רוּפֶען, דָאס טְהָאל פוּן
דֶער מַאסֶע (חַיִל) פוּן גוֹג׃ 12 דָאס הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן יִשְׂרָאֵל װֶעט זֵייא בֶּעגְרָאבֶּען כְּדֵי דָאס
לַאנְד צוּ רֵיינִיגֶען זִיבֶּען חֳדָשִׁים׃ 13 אוּנְד דָאס גַאנְצֶע פָאלְק פוּן דֶעם לַאנְד װֶעלֶען זֵייא בֶּע־
גְרָאבֶּען, אוּנְד דָאס װֶעט צוּ זֵייא זַיין פַאר אַ (גוּטֶען) שֵׁם; אָן דֶעם טָאג װֶען אִיךְ װֶעל פֶערְ־
הֶערְלִיכְט װֶערֶען, זָאגְט דֶער הַאר גָאט׃ 14 אוּנְד זֵייא װֶעלֶען בֶּעשְׁטֶענְדִיג אָפְּשֵׁיידֶען
מֶענְשֶׁען װָאס װֶעלֶען אִיבֶּערְפָארֶען אִין דֶעם לַאנְד כְּדֵי זֵייא זָאלֶען בֶּעגְרָאבֶּען דִיא אִיבֶּערְ־
גֶעבְּלִיבֶּענֶע װָאס זֶענֶען אִיבֶּערְגֶעפָארֶען אוֹיף דֶעם פְרֵייעֶן לַאנְד, כְּדֵי עֶס צוּ רֵיינִיגֶען, בִּיז
צוּ דֶעם עֶנְד פוּן זִיבֶּען חֳדָשִׁים װֶעלֶען זֵייא פָארְשֶׁען׃ 15 אוּנְד װֶען אֵיינֶער װֶעט אִיבֶּערְפָארֶען
דוּרְךְ דֶעם לַאנְד אוּנְד עֶר װֶעט זֶעהֶען אַ בֵּיין פוּן אַ מֶענְשׁ, אַזוֹי זָאל עֶר דֶערְנֶעבֶּען בּוֹיעֶן אַ
צֵייכֶען, בִּיז דִיא בֶּעגְרֶעבֶּער װֶעלֶען אִיהְם הָאבֶּען בֶּעגְרָאבֶּען אִין דֶעם טְהָאל פוּן (דֶער
מַאסֶע חַיִל) פוּן גוֹג׃ 16 אוּנְד דֶער נָאמֶען פוּן דֶער שְׁטָאט זָאל אוֹיךְ זַיין הַמוֹנָה, אוּנְד
אַזוֹי װֶעט דָאס לַאנְד גֶערֵיינִיגְט װֶערֶען׃ 17 אוּנְד דוּא בֶּן־אָדָם, אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר
גָאט, זָאג צוּ אִיטְלִיכֶען פוֹיגֶעל װָאס הָאט פְלִיגֶעל, אוּנְד צוּ אַלֶע חַיוֹת פוּן דֶעם פֶעלְד,
פֶערְזַאמֶעלְט אֵייךְ אוּנְד קוּמְט אַהֶער, זַאמֶעלְט אֵייךְ אֵיין פוּן רִינְגְס אַרוּם צוּ מֵיינֶע שֶׁעכְטוּנְג
װָאס אִיךְ װֶעל פַאר אֵייךְ שֶׁעכְטֶען, אַ גְרוֹיסֶע שֶׁעכְטוּנְג אוֹיף דִיא בֶּערְג פוּן יִשְׂרָאֵל,
אוּנְד

וְשִׁשֵּׁאתִיךָ וְהַעֲלִיתִיךָ מִיַּרְכְּתֵי צָפוֹן וַהֲבֵאוֹתִךָ עַל־הָרֵי
יִשְׂרָאֵל׃ וְהִכֵּיתִי קַשְׁתְּךָ מִיַּד שְׂמֹאולֶךָ וְחִצֶּיךָ מִיַּד יְמִינְךָ 3
אַפִּיל׃ עַל־הָרֵי יִשְׂרָאֵל תִּפּוֹל אַתָּה וְכָל־אֲגַפֶּיךָ וְעַמִּים 4
אֲשֶׁר אִתָּךְ לְעֵיט צִפּוֹר כָּל־כָּנָף וְחַיַּת הַשָּׂדֶה נְתַתִּיךָ
לְאָכְלָה׃ עַל־פְּנֵי הַשָּׂדֶה תִּפּוֹל כִּי אֲנִי דִבַּרְתִּי נְאֻם אֲדֹנָי ה
יֱהֹוִה׃ וְשִׁלַּחְתִּי־אֵשׁ בְּמָגוֹג וּבְיֹשְׁבֵי הָאִיִּים לָבֶטַח וְיָדְעוּ 6
כִּי־אֲנִי יְהֹוָה׃ וְאֶת־שֵׁם קָדְשִׁי אוֹדִיעַ בְּתוֹךְ עַמִּי יִשְׂרָאֵל 7
וְלֹא־אַחֵל אֶת־שֵׁם־קָדְשִׁי עוֹד וְיָדְעוּ הַגּוֹיִם כִּי־אֲנִי יְהֹוָה
קָדוֹשׁ בְּיִשְׂרָאֵל׃ הִנֵּה בָאָה וְנִהְיָתָה נְאֻם אֲדֹנָי יֱהֹוִה 8
הוּא הַיּוֹם אֲשֶׁר דִּבַּרְתִּי׃ וְיָצְאוּ יֹשְׁבֵי ׀ עָרֵי יִשְׂרָאֵל וּבִעֲרוּ 9
וְהִשִּׂיקוּ בְּנֶשֶׁק וּמָגֵן וְצִנָּה בְּקֶשֶׁת וּבְחִצִּים וּבְמַקֵּל יָד
וּבְרֹמַח וּבִעֲרוּ בָהֶם אֵשׁ שֶׁבַע שָׁנִים׃ וְלֹא־יִשְׂאוּ עֵצִים מִן־ י
הַשָּׂדֶה וְלֹא יַחְטְבוּ מִן־הַיְּעָרִים כִּי בַנֶּשֶׁק יְבַעֲרוּ־אֵשׁ
וְשָׁלְלוּ אֶת־שֹׁלְלֵיהֶם וּבָזְזוּ אֶת־בֹּזְזֵיהֶם נְאֻם אֲדֹנָי יֱהֹוִה׃
וְהָיָה בַיּוֹם הַהוּא אֶתֵּן לְגוֹג ׀ מְקוֹם־שָׁם קֶבֶר בְּיִשְׂרָאֵל 11
גֵּי הָעֹבְרִים קִדְמַת הַיָּם וְחֹסֶמֶת הִיא אֶת־הָעֹבְרִים וְקָבְרוּ
שָׁם אֶת־גּוֹג וְאֶת־כָּל־הֲמוֹנֹה וְקָרְאוּ גֵּיא הֲמוֹן גּוֹג׃ וּקְבָרוּם 12
בֵּית יִשְׂרָאֵל לְמַעַן טַהֵר אֶת־הָאָרֶץ שִׁבְעָה חֳדָשִׁים׃
וְקָבְרוּ כָּל־עַם הָאָרֶץ וְהָיָה לָהֶם לְשֵׁם יוֹם הִכָּבְדִי נְאֻם 13
אֲדֹנָי יֱהֹוִה׃ וְאַנְשֵׁי תָמִיד יַבְדִּילוּ עֹבְרִים בָּאָרֶץ מְקַבְּרִים 14
אֶת־הָעֹבְרִים אֶת־הַנּוֹתָרִים עַל־פְּנֵי הָאָרֶץ לְטַהֲרָהּ מִקְצֵה
שִׁבְעָה־חֳדָשִׁים יַחְקֹרוּ׃ וְעָבְרוּ הָעֹבְרִים בָּאָרֶץ וְרָאָה טו
עֶצֶם אָדָם וּבָנָה אֶצְלוֹ צִיּוּן עַד קָבְרוּ אֹתוֹ הַמְקַבְּרִים
אֶל־גֵּיא הֲמוֹן גּוֹג׃ וְגַם שֶׁם־עִיר הֲמוֹנָה וְטִהֲרוּ הָאָרֶץ׃ 16
וְאַתָּה בֶן־אָדָם כֹּה־אָמַר ׀ אֲדֹנָי יֱהֹוִה אֱמֹר לְצִפּוֹר כָּל־ 17
כָּנָף וּלְכֹל ׀ חַיַּת הַשָּׂדֶה הִקָּבְצוּ וָבֹאוּ הֵאָסְפוּ מִסָּבִיב עַל־
זִבְחִי אֲשֶׁר אֲנִי זֹבֵחַ לָכֶם זֶבַח גָּדוֹל עַל הָרֵי יִשְׂרָאֵל

18 וַאֲכַלְתֶּם בְּשַׂר וּשְׁתִיתֶם דָּם׃ בְּשַׂר גִּבּוֹרִים תֹּאכֵלוּ וְדַם־
נְשִׂיאֵי הָאָרֶץ תִּשְׁתּוּ אֵילִים כָּרִים וְעַתּוּדִים פָּרִים מְרִיאֵי
19 בָשָׁן כֻּלָּם׃ וַאֲכַלְתֶּם־חֵלֶב לְשָׂבְעָה וּשְׁתִיתֶם דָּם לְשִׁכָּרוֹן
כ מִזִּבְחִי אֲשֶׁר־זָבַחְתִּי לָכֶם׃ וּשְׂבַעְתֶּם עַל־שֻׁלְחָנִי סוּס
21 וָרֶכֶב גִּבּוֹר וְכָל־אִישׁ מִלְחָמָה נְאֻם אֲדֹנָי יֱהֹוִה׃ וְנָתַתִּי
אֶת־כְּבוֹדִי בַּגּוֹיִם וְרָאוּ כָל־הַגּוֹיִם אֶת־מִשְׁפָּטִי אֲשֶׁר עָשִׂיתִי
22 וְאֶת־יָדִי אֲשֶׁר־שַׂמְתִּי בָהֶם׃ וְיָדְעוּ בֵּית יִשְׂרָאֵל כִּי אֲנִי
23 יְהֹוָה אֱלֹהֵיהֶם מִן־הַיּוֹם הַהוּא וָהָלְאָה׃ וְיָדְעוּ הַגּוֹיִם כִּי
בַעֲוֺנָם גָּלוּ בֵית־יִשְׂרָאֵל עַל אֲשֶׁר מָעֲלוּ־בִי וָאַסְתִּר פָּנַי
24 מֵהֶם וָאֶתְּנֵם בְּיַד צָרֵיהֶם וַיִּפְּלוּ בַחֶרֶב כֻּלָּם׃ כְּטֻמְאָתָם
כה וּכְפִשְׁעֵיהֶם עָשִׂיתִי אֹתָם וָאַסְתִּר פָּנַי מֵהֶם׃ לָכֵן כֹּה אָמַר
אֲדֹנָי יֱהֹוִה עַתָּה אָשִׁיב אֶת־שְׁבִית יַעֲקֹב וְרִחַמְתִּי כָּל־
26 בֵּית יִשְׂרָאֵל וְקִנֵּאתִי לְשֵׁם קָדְשִׁי׃ וְנָשׂוּ אֶת־כְּלִמָּתָם וְאֶת־
כָּל־מַעֲלָם אֲשֶׁר מָעֲלוּ־בִי בְּשִׁבְתָּם עַל־אַדְמָתָם לָבֶטַח
27 וְאֵין מַחֲרִיד׃ בְּשׁוֹבְבִי אוֹתָם מִן־הָעַמִּים וְקִבַּצְתִּי אֹתָם
28 מֵאַרְצוֹת אֹיְבֵיהֶם וְנִקְדַּשְׁתִּי בָם לְעֵינֵי הַגּוֹיִם רַבִּים׃ וְיָדְעוּ
כִּי אֲנִי יְהֹוָה אֱלֹהֵיהֶם בְּהַגְלוֹתִי אֹתָם אֶל־הַגּוֹיִם וְכִנַּסְתִּים
29 אֶל־אַדְמָתָם וְלֹא־אוֹתִיר עוֹד מֵהֶם שָׁם׃ וְלֹא־אַסְתִּיר עוֹד
פָּנַי מֵהֶם אֲשֶׁר שָׁפַכְתִּי אֶת־רוּחִי עַל־בֵּית יִשְׂרָאֵל נְאֻם
אֲדֹנָי יֱהֹוִה׃

## מ מ

א בְּעֶשְׂרִים וְחָמֵשׁ שָׁנָה לְגָלוּתֵנוּ בְּרֹאשׁ הַשָּׁנָה בֶּעָשׂוֹר
לַחֹדֶשׁ בְּאַרְבַּע עֶשְׂרֵה שָׁנָה אַחַר אֲשֶׁר הֻכְּתָה הָעִיר
בְּעֶצֶם ׀ הַיּוֹם הַזֶּה הָיְתָה עָלַי יַד־יְהֹוָה וַיָּבֵא אֹתִי שָׁמָּה׃
2 בְּמַרְאוֹת אֱלֹהִים הֱבִיאַנִי אֶל־אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל וַיְנִיחֵנִי אֶל־
3 הַר גָּבֹהַּ מְאֹד וְעָלָיו כְּמִבְנֵה־עִיר מִנֶּגֶב׃ וַיָּבֵיא אוֹתִי
שָׁמָּה וְהִנֵּה־אִישׁ מַרְאֵהוּ כְּמַרְאֵה נְחֹשֶׁת וּפְתִיל־פִּשְׁתִּים

אונד איהר וועט פרעסען פליישׁ אונד טרינקען בלוט: 18 איהר וועט פרעסען דאס פליישׁ פון דיא גבורים, אונד איהר וועט טרינקען דאס בלוט פון דיא נשׂיאים פון דעם לאנד, זייא זענען אלע ווידער, פעטע שׁאף אונד בעק, אונד פעטע אקסען פון בשׁן: 19 אונד איהר וועט עסען דאס חלב צור זעטיגקייט, אונד טרינקען זייער בלוט צום אנשׁיכורן, פון מיינע שׁעכטונג וואס איך וועל שׁעכטען פאר אייך: 20 אונד איהר וועט זאט ווערען בייא מיין טישׁ מיט פערד אונד רייטוועגען, מיט גבורים, אונד אלערלייא מלחמה־לייט, זאגט דער האר גאט: 21 אונד איך וועל געבען מיין כבוד אונטער דיא גוים, אונד אלע גוים וועלען זעהען מיינע משׁפּטים וואס איך האב געטהון, אונד וויא איך האב מיינע האנד אן זייא געלעגט: 22 אונד דאס הויזגעזינד פון ישׂראל וועט וויסען אז איך דער האר בין זייער גאט, פון דעם טאג אן אונד ווייטער: 23 אונד דיא גוים זאלען וויסען אז וועגען זייערע זינד זענען דאס הויזגעזינד פון ישׂראל פערטריבען געווארען, ווייל זייא האבען קעגען מיר געזינדיגט אזוי האב איך מיין פּנים פון זייא בעהאלטען, אונד איך האב זייא איבערגעגעבען אין דיא האנד פון זייערע פיינד, אונד זייא זענען אלע געפאלען דורך דעם שׁווערד: 24 נאך זייערע אומרייניגקייט אונד נאך זייערע פּשׁעים האב איך (צו) זייא געטהון, אונד איך האב פון זייא בעהאלטען מיין פּנים: 25 דארום, אזוי זאגט דער האר גאט, אצונד וועל איך צוריקברענגען דיא געפאנגענשׁאפט פון יעקב, אונד איך וועל מיך דערבארמען איבער דעם גאנצען הויזגעזינד פון ישׂראל, אונד איך וועל מיך נוקם זיין וועגען מיין הייליגען נאמען: 26 אונד זייא וועלען טראגען זייערע שׁאנד, אונד זייערע גאנצע זינד וואס זייא האבען קעגען מיר געזינדיגט, ווען זייא וועלען וואוינען אין דעם לאנד אין זיכערהייט, אונד קיינער וועט זייא דערשׁרעקען: 27 ווען איך וועל זייא צוריקברענגען פון דיא פעלקער, אונד ווען איך וועל זייא איינזאמלען פון דיא לענדער פון זייערע פיינד, אזוי וועל איך אין זייא געהייליגט ווערען פאר דיא אויגען פון פילע פעלקער: 28 אונד זייא וועלען וויסען אז איך בין דער האר זייער גאט, וואס איך האב זייא פערטריבען צו דיא גוים, אבער איך האב זייא ווידער איינגעזאמעלט צו זייער אייגען לאנד, אונד איך וועל קיינעם פון זייא דארט ניט מעהר איבערלאזען: 29 אונד איך וועל ניט מעהר מיין פּנים פון זייא בעהאלטען, ווייל איך האב אויסגעגאסען מיין רוח (הקודשׁ) איבער דעם הויזגעזינד פון ישׂראל, זאגט דער האר גאט:

## קאפיטעל מ

1 אין דעם פינף אונד צוואנציגסטען יאהר פון אונזער גלות, אין דעם אנהייב פון דעם יאהר, אין דעם צעהנטען טאג פון דעם חדשׁ, אין דעם פירצעהנטען יאהר, נאכדעם אז דיא שׁטאט איז געשׁלאגען געווארען, גראד אים דעמזעלביגען טאג איז דיא האנד פון גאט אויף מיר געוועזען, אונד ער האט מיך דארט אהינגעבראכט: 2 דורך דאס געזיכט (אדער נביאה) פון גאט האט ער מיך אריינגעבראכט קיין ארץ ישׂראל, אונד ער האט מיך געלאזט אויף א זעהר הויכען בארג, אונד דארויף איז געוועזען אזוי וויא א געבויעטע שׁטאט פון דרום־זייט: 3 אונד ווען ער האט מיך דארט אהינגעבראכט, אזוי האב איך געזעהען א מאן, זיינע געשׁטאלט איז געוועזען אזוי וויא דיא געשׁטאלט פון (פּאלירטעס) קופּער, אונד ער האט געהאט אין זיינע האנד א שׁנור פון פלאקס

אונד

אונד אַ מעסט־ראָהר, אונד ער איז געשטאַנען אין דעם טויער: 4 אונד דער מאַן האָט צו מיר גערעט, בן־אָדם, זעה מיט דיינע אויגען, אונד הער מיט דיינע אויערן, אונד (טְהוּא) נעם אויף אין דיין האַרץ אַלעם וואָס איך וועל דיר ווייזען, וואָרין כְּדֵי איך זאָל דיר דאָס ווייזען בּיזט דוא היער אַהער געבּראַכט געוואָרען, דערצעהל אַלעם וואָס דוא זעהסט צו דעם הויזגעזינד פון יִשְׂרָאֵל: 5 אונד זעה, (עס איז געוועזען) אַ מויער אויסעווענדיג פון דעם בֵּית הַמִּקְדָּשׁ, אַרום אונד אַרום, אונד אין דער האַנד פון דעם מאַן איז געוועזען דאָס מעסט־ראָהר זעקס איילען לאַנג נאָך דער אייל, אונד אַ האַנד בּרייט, אונד ער האָט געמאָסטען דיא בּרייט פון דעם געבּייד איין ראָהר, אונד דיא הייך איין ראָהר: 6 אונד ער איז געקומען צו דעם טויער וואָס זיין פָּנִים איז צו דעם וועג פון מִזְרַח־זייט, אונד איז אַרויפגעגאַנגען דורך זיינע טרעפּ, אונד ער האָט געמאָסטען דיא שוועל פון דעם טויער איטליכע שוועל וואַר איין ראָהר בּרייט: 7 אונד איטליכע קליינע קאַמער איז געוועזען איין ראָהר לאַנג אונד איין ראָהר בּרייט, אונד צווישען דיא קאַמערן איז געוועזען פינף איילען, אונד איטליכע שוועל פון דעם טויער וואָס איז געוועזען נעבען דעם פאָרהויז פון אינעווענדיג איז געוועזען איין ראָהר: 8 אונד ער האָט געמאָסטען דאָס פאָרהויז פון דעם טויער פון אינעווענדיג, איין ראָהר: 9 אונד ער האָט געמאָסטען דאָס פאָרהויז פון דעם טויער אַכט איילען, אונד זיינע זיילען צוויא איילען, אונד דאָס פאָרהויז פון דעם טויער פון אינעווענדיג: 10 אונד דיא (קליינע) קאַמערן פון דעם טויער וואָס איז צו דער מִזְרַח־זייט דרייא פון דיא זייט אונד דרייא פון יענער זייט, איין מאָס איז געוועזען צו אַלע דרייא, אונד דיא זיילען האָבען געהאַט איין מאָס פון דיא זייט אונד פון יענער זייט: 11 אונד ער האָט געמאָסטען דיא בּרייט פון דיא טיער פון דעם טויער צעהן איילען, אונד דיא לענג פון דעם טויער איז געוועזען דרייצעהן איילען: 12 אונד דיא גרענעץ פאַר דיא (קליינע) קאַמערן איז געוועזען, איינע אייל פון דיזער זייט אונד איינע אייל פון יענער זייט, אונד דיא קליינע קאַמער איז געוועזען זעקס איילען פון דיזער זייט אונד זעקס איילען פון יענער זייט: 13 אונד ער האָט געמאָסטען דאָס טויער פון דיא קליינע קאַמער, פון דאַך צו דאַך, דיא בּרייט איז געוועזען פינף אונד צוואַנציג איילען איינע טיער קעגען דיא אַנדערע טיער: 14 אונד ער האָט געמאַכט זיילען פון זעכציג איילען, בּיז צו דער זייל פון דעם הויף פון דעם טויער רינגס אַרום: 15 אונד פאַר דעם טויער פון דעם איינגאַנג בּיז פאַר דעם טויער פון דער אינעווענדיגע האַלע זענען געוועזען פופציג איילען: 16 אונד עס זענען געוועזען שמאַלע פענסטער צו דיא קליינע קאַמערן, אונד צו דיא זיילען פון אינעווענדיג צו דעם טויער רינגס אַרום, אונד אַזוי אויך צו דיא גאַלעריען אונד דיא פענסטער רינגס אַרום פון אינעווענדיג, אונד אויף איטליכער זייל זענען געוועזען טייטעל בּיימער: 17 אונד ער האָט מיך געבּראַכט צו דעם אינעווענדיגען הויף, אונד זעה דאָרט זענען געוועזען קאַמערן, אונד שטיין־פּלאַסטער איז געמאַכט געוועזען צו דעם הויף רינגס אַרום, דרייסיג קאַמערן זענען געוועזען אויף דעם שטיין־פּלאַסטער: 18 אונד דער פּלאַסטער איז געוועזען אַן דער זייט

4 בְּיָדוֹ וּקְנֵה הַמִּדָּה וְהוּא עֹמֵד בַּשָּׁעַר׃ וַיְדַבֵּר אֵלַי הָאִישׁ
בֶּן־אָדָם רְאֵה בְעֵינֶיךָ וּבְאָזְנֶיךָ שְּׁמָע וְשִׂים לִבְּךָ לְכֹל
אֲשֶׁר־אֲנִי מַרְאֶה אוֹתָךְ כִּי לְמַעַן הַרְאוֹתְכָה הֻבָאתָה
ה הֵנָּה הַגֵּד אֶת־כָּל־אֲשֶׁר־אַתָּה רֹאֶה לְבֵית יִשְׂרָאֵל׃ וְהִנֵּה
חוֹמָה מִחוּץ לַבַּיִת סָבִיב ׀ סָבִיב וּבְיַד הָאִישׁ קְנֵה הַמִּדָּה
שֵׁשׁ־אַמּוֹת בָּאַמָּה וָטֹפַח וַיָּמָד אֶת־רֹחַב הַבִּנְיָן קָנֶה אֶחָד
6 וְקוֹמָה קָנֶה אֶחָד׃ וַיָּבוֹא אֶל־שַׁעַר אֲשֶׁר פָּנָיו דֶּרֶךְ
הַקָּדִימָה וַיַּעַל בְּמַעֲלֹתָו וַיָּמָד ׀ אֶת־סַף הַשַּׁעַר קָנֶה אֶחָד
7 רֹחַב וְאֵת סַף אֶחָד קָנֶה אֶחָד רֹחַב׃ וְהַתָּא קָנֶה אֶחָד
אֹרֶךְ וְקָנֶה אֶחָד רֹחַב וּבֵין הַתָּאִים חָמֵשׁ אַמּוֹת וְסַף
8 הַשַּׁעַר מֵאֵצֶל אֻלָם הַשַּׁעַר מֵהַבַּיִת קָנֶה אֶחָד׃ וַיָּמָד אֶת־
9 אֻלָם הַשַּׁעַר מֵהַבַּיִת קָנֶה אֶחָד׃ וַיָּמָד אֶת־אֻלָם הַשַּׁעַר
שְׁמֹנֶה אַמּוֹת וְאֵילָו שְׁתַּיִם אַמּוֹת וְאֻלָם הַשַּׁעַר מֵהַבָּיִת׃
י וְתָאֵי הַשַּׁעַר דֶּרֶךְ הַקָּדִים שְׁלֹשָׁה מִפֹּה וּשְׁלֹשָׁה מִפֹּה
מִדָּה אַחַת לִשְׁלָשְׁתָּם וּמִדָּה אַחַת לָאֵילִם מִפֹּה וּמִפּוֹ׃
11 וַיָּמָד אֶת־רֹחַב פֶּתַח־הַשַּׁעַר עֶשֶׂר אַמּוֹת אֹרֶךְ הַשַּׁעַר
12 שְׁלוֹשׁ עֶשְׂרֵה אַמּוֹת׃ וּגְבוּל לִפְנֵי הַתָּאוֹת אַמָּה אֶחָת
וְאַמָּה־אַחַת גְּבוּל מִפֹּה וְהַתָּא שֵׁשׁ־אַמּוֹת מִפּוֹ וְשֵׁשׁ
13 אַמּוֹת מִפּוֹ׃ וַיָּמָד אֶת־הַשַּׁעַר מִגַּג הַתָּא לְגַגּוֹ רֹחַב עֶשְׂרִים
14 וְחָמֵשׁ אַמּוֹת פֶּתַח נֶגֶד פָּתַח׃ וַיַּעַשׂ אֶת־אֵילִים שִׁשִּׁים
טו אַמָּה וְאֶל־אֵיל הֶחָצֵר הַשַּׁעַר סָבִיב ׀ סָבִיב׃ וְעַל־פְּנֵי
הַשַּׁעַר הָיאתוֹן עַל־לִפְנֵי אֻלָם הַשַּׁעַר הַפְּנִימִי חֲמִשִּׁים
16 אַמָּה׃ וְחַלֹּנוֹת אֲטֻמוֹת אֶל־הַתָּאִים וְאֶל אֵלֵיהֵמָה
לִפְנִימָה לַשַּׁעַר סָבִיב ׀ סָבִיב וְכֵן לָאֵלַמּוֹת וְחַלּוֹנוֹת
17 סָבִיב ׀ סָבִיב לִפְנִימָה וְאֶל־אַיִל תִּמֹרִים׃ וַיְבִיאֵנִי אֶל־
הֶחָצֵר הַחִיצוֹנָה וְהִנֵּה לְשָׁכוֹת וְרִצְפָה עָשׂוּי לֶחָצֵר סָבִיב ׀
18 סָבִיב שְׁלֹשִׁים לְשָׁכוֹת אֶל־הָרִצְפָה׃ וְהָרִצְפָה אֶל־כֶּתֶף

19 הַשְּׁעָרִים לְעֻמַּת אֹרֶךְ הַשְּׁעָרִים הָרִצְפָּה הַתַּחְתּוֹנָה׃ וַיָּמָד
רֹחַב מִלִּפְנֵי הַשַּׁעַר הַתַּחְתּוֹנָה לִפְנֵי הֶחָצֵר הַפְּנִימִי מִחוּץ
כ מֵאָה אַמָּה הַקָּדִים וְהַצָּפוֹן׃ וְהַשַּׁעַר אֲשֶׁר פָּנָיו דֶּרֶךְ
21 הַצָּפוֹן לֶחָצֵר הַחִיצוֹנָה מָדַד אָרְכּוֹ וְרָחְבּוֹ׃ וְתָאָו
שְׁלוֹשָׁה מִפּוֹ וּשְׁלֹשָׁה מִפּוֹ וְאֵילָו וְאֵלַמָּו הָיָה כְּמִדַּת
הַשַּׁעַר הָרִאשׁוֹן חֲמִשִּׁים אַמָּה אָרְכּוֹ וְרֹחַב חָמֵשׁ וְעֶשְׂרִים
22 בָּאַמָּה׃ וְחַלּוֹנָו וְאֵילַמָּו וְתִימֹרָו כְּמִדַּת הַשַּׁעַר אֲשֶׁר פָּנָיו
דֶּרֶךְ הַקָּדִים וּבְמַעֲלוֹת שֶׁבַע יַעֲלוּ־בוֹ וְאֵילַמָּו לִפְנֵיהֶם׃
23 וְשַׁעַר לֶחָצֵר הַפְּנִימִי נֶגֶד הַשַּׁעַר לַצָּפוֹן וְלַקָּדִים וַיָּמָד
24 מִשַּׁעַר אֶל־שַׁעַר מֵאָה אַמָּה׃ וַיּוֹלִכֵנִי דֶּרֶךְ הַדָּרוֹם וְהִנֵּה־
שַׁעַר דֶּרֶךְ הַדָּרוֹם וּמָדַד אֵילָו וְאֵילַמָּו כַּמִּדּוֹת הָאֵלֶּה׃
כה וְחַלּוֹנִים לוֹ וּלְאֵילַמָּו סָבִיב ׀ סָבִיב כְּהַחַלֹּנוֹת הָאֵלֶּה
26 חֲמִשִּׁים אַמָּה אֹרֶךְ וְרֹחַב חָמֵשׁ וְעֶשְׂרִים אַמָּה׃ וּמַעֲלוֹת
שִׁבְעָה עֹלוֹתָו וְאֵילַמָּו לִפְנֵיהֶם וְתִמֹרִים לוֹ אֶחָד מִפּוֹ
27 וְאֶחָד מִפּוֹ אֶל־אֵילָו׃ וְשַׁעַר לֶחָצֵר הַפְּנִימִי דֶּרֶךְ הַדָּרוֹם
28 וַיָּמָד מִשַּׁעַר אֶל־הַשַּׁעַר דֶּרֶךְ הַדָּרוֹם מֵאָה אַמּוֹת׃ וַיְבִיאֵנִי
אֶל־חָצֵר הַפְּנִימִי בְּשַׁעַר הַדָּרוֹם וַיָּמָד אֶת־הַשַּׁעַר הַדָּרוֹם
29 כַּמִּדּוֹת הָאֵלֶּה׃ וְתָאָו וְאֵלָו וְאֵלַמָּו כַּמִּדּוֹת הָאֵלֶּה
וְחַלּוֹנוֹת לוֹ וּלְאֵלַמָּו סָבִיב ׀ סָבִיב חֲמִשִּׁים אַמָּה אֹרֶךְ
ל וְרֹחַב עֶשְׂרִים וְחָמֵשׁ אַמּוֹת׃ וְאֵלַמּוֹת סָבִיב ׀ סָבִיב אֹרֶךְ
31 חָמֵשׁ וְעֶשְׂרִים אַמָּה וְרֹחַב חָמֵשׁ אַמּוֹת׃ וְאֵילַמָּו אֶל־
חָצֵר הַחִצוֹנָה וְתִמֹרִים אֶל־אֵילָו וּמַעֲלוֹת שְׁמוֹנֶה מַעֲלָו׃
32 וַיְבִיאֵנִי אֶל־הֶחָצֵר הַפְּנִימִי דֶּרֶךְ הַקָּדִים וַיָּמָד אֶת־הַשַּׁעַר
33 כַּמִּדּוֹת הָאֵלֶּה׃ וְתָאָו וְאֵלָו וְאֵלַמָּו כַּמִּדּוֹת הָאֵלֶּה
וְחַלּוֹנוֹת לוֹ וּלְאֵלַמָּו סָבִיב ׀ סָבִיב אֹרֶךְ חֲמִשִּׁים אַמָּה

פון דיא טויערן, גראד אזוי לאנג וויא דיא טויערן וואַרען איז אויך דאס אונטערשטע שטיינ־פלאסטער געוועזען: 19 אונד ער האט געמאסטען דיא ברייט פון דעם אונטערשטען טויער ביז פאר דעם אינעווענינגען פארהויף פון אויסעווענינג איז געוועזען הונדערט איילען, נאך דער מזרח־זייט, אונד נאך דער צפון־זייט: 20 אונד דאס אויסעווענינגע טויער וואס האט אויסגעזעהען נאך צפון צו, האט ער געמאסטען דיא לענג אונד דיא ברייט דאפון: 21 אונד דיא זייטען־קאמערן דערפון זענען געוועזען דרייא פון דיא זייט אונד דרייא פון יענער זייט אונד זיירע זיילען אונד האלען זענען געוועזען נאך דעם מאס פון דעם ערשטען טויער, פופציג איילען זיינע לענג אונד פינף אונד צוואנציג איילען זיינע ברייט: 22 אונד זיירע פענסטער אונד זיירע האלען, אונד זיירע טייטעל־ביימער זענען געוועזען נאך דעם מאס פון דעם טויער וואס קעהרט זיך צו דער מזרח־זייט צו, אונד מען איז ארויפגעגאנגען אויף זיבען טרעפען, אונד דיא האלען דערפון זענען פאר זייא געוועזען: 23 אונד דאס טויער פון דעם אינעווענינגען פארהויף איז געוועזען קעגענאיבער דעם טויער פון דער צפון־זייט אונד פון דער מזרח־זייט, אונד ער האט עס געמאסטען פון טויער צו טויער, הונדערט איילען: 24 דערנאך האט ער מיך געפיהרט צו דער דרום־זייט, אונד זעה עס איז געוועזען א טויער אויף דער דרום־זייט, אונד ער האט געמאסטען זיינע זיילען אונד זיינע האלען נאך דעם דאזיגען מאס: 25 אונד עס האט געהאט פענסטער, אונד אין דיא האלען ריננס ארום גראד אזוי וויא דיא דאזיגע פענסטער, פופציג איילען דיא לענג אונד פינף אונד צוואנציג איילען דיא ברייט: 26 עס זענען געוועזען זיבען טרעפען ארויפצוגעהן, אונד זיירע זיילען זענען פאר זייא געוועזען, אונד עס האט געהאט טייטעל־ביימער, איינעם פון דיא זייט אונד איינעם פון יענע זייט פון זיינע זיילען: 27 אונד עס איז געוועזען א טויער פון דעם אינעווענינגען פארהויף קעגען דרום־זייט, אונד ער האט עס געמאסטען פון טויער צו טויער קעגען דרום־זייט הונדערט איילען: 28 אונד ער האט מיך אריינגעבראכט צו דעם אינעווענינגען פארהויף דורך דעם טויער אן דער דרום־זייט, אונד ער האט געמאסטען דאס טויער פון דער דרום־זייט, נאך דעם דאזיגען מאס: 29 אונד דיא קליינע קאמערן אונד זיינע זיילען אונד האלען, זענען געוועזען נאך דעם דאזיגען מאס, אונד עס זענען דארין געוועזען פענסטער אונד האלען ריננס ארום, פופציג איילען דיא לענג אונד פינף אונד צוואנציג איילען דיא ברייט: 30 אונד דיא האלען ריננס ארום זענען געוועזען פינף אונד צוואנציג איילען לאנג אונד פינף איילען ברייט: 31 אונד דיא האלען דערפון זענען געוועזען קעגען דעם אויסעווענינגען פארהויף צו, אונד עס וואַרען טייטעל־ביימער צו זיינע זיילען, אונד זיין ארויפגעהען האט געהאט אכט טרעפען: 32 אונד ער האט מיך אריינגעבראכט צו דעם אינעווענינגסטען פארהויף, אויף דער מזרח־זייט, אונד ער האט געמאסטען דאס טויער נאך דעם דאזיגען מאס: 33 אונד זיינע קאמערן אונד זיילען אונד זיינע האלען זענען געוועזען נאך דעם דאזיגען מאס, אונד עס זענען דארין געוועזען פענסטער, אונד צו זיירע האלען ריננס ארום פופציג איילען לאנג,

אונד

34 וְרֹחַב חָמֵשׁ וְעֶשְׂרִים אַמָּה׃ וְאֵלַמָּו לֶחָצֵר הַחִיצוֹנָה
וְתִמֹרִים אֶל־אֵילָו מִפֹּו וּמִפֹּו וּשְׁמֹנֶה מַעֲלוֹת מַעֲלָו׃
לה 36 וַיְבִיאֵנִי אֶל־שַׁעַר הַצָּפוֹן וּמָדַד כַּמִּדּוֹת הָאֵלֶּה׃ תָּאָו
אֵלָו וְאֵלַמָּו וְחַלּוֹנוֹת לוֹ סָבִיב ׀ סָבִיב אֹרֶךְ חֲמִשִּׁים אַמָּה
37 וְרֹחַב חָמֵשׁ וְעֶשְׂרִים אַמָּה׃ וְאֵילָו לֶחָצֵר הַחִיצוֹנָה
וְתִמֹרִים אֶל־אֵילָו מִפֹּו וּמִפֹּו וּשְׁמֹנֶה מַעֲלוֹת מַעֲלָו׃
38 וְלִשְׁכָּה וּפִתְחָהּ בְּאֵילִים הַשְּׁעָרִים שָׁם יָדִיחוּ אֶת־הָעֹלָה׃
39 וּבְאֻלָם הַשַּׁעַר שְׁנַיִם שֻׁלְחָנוֹת מִפֹּו וּשְׁנַיִם שֻׁלְחָנוֹת מִפֹּה
מ לִשְׁחוֹט אֲלֵיהֶם הָעוֹלָה וְהַחַטָּאת וְהָאָשָׁם׃ וְאֶל־הַכָּתֵף
מִחוּצָה לָעוֹלֶה לְפֶתַח הַשַּׁעַר הַצָּפוֹנָה שְׁנַיִם שֻׁלְחָנוֹת
וְאֶל־הַכָּתֵף הָאַחֶרֶת אֲשֶׁר לְאֻלָם הַשַּׁעַר שְׁנַיִם שֻׁלְחָנוֹת׃
41 אַרְבָּעָה שֻׁלְחָנוֹת מִפֹּה וְאַרְבָּעָה שֻׁלְחָנוֹת מִפֹּה לְכֶתֶף
42 הַשָּׁעַר שְׁמוֹנָה שֻׁלְחָנוֹת אֲלֵיהֶם יִשְׁחָטוּ׃ וְאַרְבָּעָה שֻׁלְחָנוֹת
לָעוֹלָה אַבְנֵי גָזִית אֹרֶךְ אַמָּה אַחַת וָחֵצִי וְרֹחַב אַמָּה
אַחַת וָחֵצִי וְגֹבַהּ אַמָּה אֶחָת אֲלֵיהֶם וְיַנִּיחוּ אֶת־הַכֵּלִים
43 אֲשֶׁר יִשְׁחֲטוּ אֶת־הָעוֹלָה בָּם וְהַזָּבַח׃ וְהַשְׁפַתַּיִם טֹפַח
אֶחָד מוּכָנִים בַּבַּיִת סָבִיב ׀ סָבִיב וְאֶל־הַשֻּׁלְחָנוֹת בְּשַׂר
44 הַקָּרְבָּן׃ וּמִחוּצָה לַשַּׁעַר הַפְּנִימִי לִשְׁכוֹת שָׁרִים בֶּחָצֵר
הַפְּנִימִי אֲשֶׁר אֶל־כֶּתֶף שַׁעַר הַצָּפוֹן וּפְנֵיהֶם דֶּרֶךְ הַדָּרוֹם
מה אֶחָד אֶל־כֶּתֶף שַׁעַר הַקָּדִים פְּנֵי דֶּרֶךְ הַצָּפֹן׃ וַיְדַבֵּר
אֵלָי זֹה הַלִּשְׁכָּה אֲשֶׁר פָּנֶיהָ דֶּרֶךְ הַדָּרוֹם לַכֹּהֲנִים שֹׁמְרֵי
46 מִשְׁמֶרֶת הַבָּיִת׃ וְהַלִּשְׁכָּה אֲשֶׁר פָּנֶיהָ דֶּרֶךְ הַצָּפוֹן לַכֹּהֲנִים
שֹׁמְרֵי מִשְׁמֶרֶת הַמִּזְבֵּחַ הֵמָּה בְנֵי־צָדוֹק הַקְּרֵבִים מִבְּנֵי־
47 לֵוִי אֶל־יְהוָה לְשָׁרְתוֹ׃ וַיָּמָד אֶת־הֶחָצֵר אֹרֶךְ ׀ מֵאָה אַמָּה
48 וְרֹחַב מֵאָה אַמָּה מְרֻבָּעַת וְהַמִּזְבֵּחַ לִפְנֵי הַבָּיִת׃ וַיְבִאֵנִי
אֶל־אֻלָם הַבַּיִת וַיָּמָד אֵל אֻלָם חָמֵשׁ אַמּוֹת מִפֹּה וְחָמֵשׁ
אַמּוֹת מִפֹּה וְרֹחַב הַשַּׁעַר שָׁלֹשׁ אַמּוֹת מִפּוֹ וְשָׁלֹשׁ אַמּוֹת

אונד פינף אונד צוואנציג איילען ברייט:
34 אונד זיינע האלען פון דעם פארהויף
זענען געוועזען נאך אויסעווענינ, אונד
טייטעלביימער זענען געוועזען צו זיינע
זיילען פון דיא זייט אונד פון יענער זייט,
אונד זיין אויפגאנג האט געהאט אכט
טרעפען: 35 אונד ער האט מיך אריינ־
געבראכט צו דעם טויער פון צפון־זייט,
אונד ער האט עס געמאסטען נאך דעם
דאזיגען מאס: 36 עס האט געהאט קא־
מערן, זיילען אונד האלען אונד פענסטער
רינגס ארום, פופציג איילען לאנג אונד
פינף אונד צוואנציג איילען ברייט:
37 אונד זיינע זיילען פון דעם פארהויף
זענען געוועזען פון אויסעווענינ, אונד
טייטעלביימער זענען געוועזען צו זיינע
זיילען פון דיא זייט אונד פון יענע זייט,
אונד זיין אויפגאנג האט געהאט אכט
טרעפען: 38 אונד דיא קאמערן, אונד
דיא טהירען זענען געוועזען ביא דיא
טויערן פון דיא זיילען, אוואו מען האט
געוואשען דאס קרבן עולה: 39 אונד אין
דער האלע פון דעם טויער זענען געווע־
זען צוויא טישען פון דיא זייט אונד
צוויא טישען פון יענער זייט, אויף זייא
צו שעכטען דאס קרבן עולה, אונד דאס קרבן חטאת אונד דאס קרבן אשם: 40 אונד
אן דער זייט פון אויסעווענינ, וויא מען געהט ארויף צו דער טהיר פון דעם טויער אויף
דער צפון־זייט זענען געוועזען צוויא טיש, אונד אויף דער אנדערע זייט, וואס איז
ביא דער האלע פון דעם טויער, זענען געוועזען צוויא טיש: 41 פיער טיש פון דיא
זייט, אונד פיער טיש פון יענער זייט, אן דער זייט פון דעם טויער, אכט טיש, אויף
זייא האבען זייא געשאכטען (דיא קרבנות): 42 אונד פיער טיש זענען געוועזען פון
געהאקטע שטיינער פאר דעם קרבן עולה, דיא לענג פון איטליכען איז געוועזען
אנדערטהאלב איילען, אונד דיא ברייט אנדערטהאלב איילען, אונד דיא הייך איינע
אייל, אויף זייא האט מען אויך ארויפגעלעגט דיא כלים מיט וואס זייא האבען גע־
שאכטען דאס קרבן עולה אונד דאס קרבן זבח: 43 אונד דרינען זענען געוועזען
אייזערנע האקען א שפאן ברייט, בעפעסטיגט רינגס ארום, אונד אויף דיא טיש איז
געוועזען דאס פלייש פון דיא קרבנות: 44 אונד דרויסען פון דעם אינעווענינגסטען
טויער זענען געוועזען דיא קאמערן פון דיא זינגער אין דעם אינעווענינגען פארהויף
וואס איז געוועזען אן דעם טויער פון צפון־זייט, אונד דיא פארדער־זייט איז געווע־
זען קעגען דרום, איינע איז געוועזען אן דער זייט פון דעם מזרח טויער וואס האט
זיך געקעהרט נאך צפון צו: 45 אונד ער האט צו מיר געזאגט, דיזע קאמער וואס
קעהרט זיך צו דער דרום־זייט, איז פאר דיא כהנים וואס היטען דיא היטונג פון
דעם בית המקדש: 46 אונד דיא קאמער וואס קעהרט זיך צו דער צפון־זייט איז
פאר דיא כהנים וואס היטען דיא היטונג פון דעם מזבח, זייא זענען דיא זיהן פון
צדוק, פון דיא בני לוי, וואס גענעהענען זיך צו גאט איהם צו דינען: 47 אונד ער האט
געמאסטען דעם הויף, הונדערט איילען לאנג אונד הונדערט איילען ברייט, פיער עקיג,
אונד דעם מזבח (וואס) איז געוועזען פאר דעם בית המקדש: 48 אונד ער האט מיך
אריינגעבראכט צו דער האלע פון דעם הויז, אונד ער האט געמאסטען דיא זיילען
פון דער האלע, פינף איילען פון דיא זייט אונד פינף איילען פון יענער זייט; אונד
דיא ברייט פון דעם טויער איז געוועזען דרייא איילען פון דיא זייט אונד דרייא איילען

49 מִפּוֹ׃ אֹרֶךְ הָאֻלָם עֶשְׂרִים אַמָּה וְרֹחַב עַשְׁתֵּי עֶשְׂרֵה אַמָּה
וּבַמַּעֲלוֹת אֲשֶׁר יַעֲלוּ אֵלָיו וְעַמֻּדִים אֶל־הָאֵילִים אֶחָד
מִפֹּה וְאֶחָד מִפֹּה׃

# מא

מא

א וַיְבִאֵנִי אֶל־הַהֵיכָל וַיָּמָד אֶת־הָאֵילִים שֵׁשׁ־אַמּוֹת רֹחַב
2 מִפּוֹ וְשֵׁשׁ־אַמּוֹת רֹחַב־מִפּוֹ רֹחַב הָאֹהֶל׃ וְרֹחַב הַפֶּתַח
עֶשֶׂר אַמּוֹת וְכִתְפוֹת הַפֶּתַח חָמֵשׁ אַמּוֹת מִפּוֹ וְחָמֵשׁ
אַמּוֹת מִפּוֹ וַיָּמָד אָרְכּוֹ אַרְבָּעִים אַמָּה וְרֹחַב עֶשְׂרִים
3 אַמָּה׃ וּבָא לִפְנִימָה וַיָּמָד אֵיל־הַפֶּתַח שְׁתַּיִם אַמּוֹת
4 וְהַפֶּתַח שֵׁשׁ אַמּוֹת וְרֹחַב הַפֶּתַח שֶׁבַע אַמּוֹת׃ וַיָּמָד אֶת־
אָרְכּוֹ עֶשְׂרִים אַמָּה וְרֹחַב עֶשְׂרִים אַמָּה אֶל־פְּנֵי הַהֵיכָל
ה וַיֹּאמֶר אֵלַי זֶה קֹדֶשׁ הַקֳּדָשִׁים׃ וַיָּמָד קִיר הַבַּיִת שֵׁשׁ
אַמּוֹת וְרֹחַב הַצֵּלָע אַרְבַּע אַמּוֹת סָבִיב ׀ סָבִיב לַבַּיִת
6 סָבִיב׃ וְהַצְּלָעוֹת צֵלָע אֶל־צֵלָע שָׁלוֹשׁ וּשְׁלֹשִׁים פְּעָמִים
וּבָאוֹת בַּקִּיר אֲשֶׁר־לַבַּיִת לַצְּלָעוֹת סָבִיב ׀ סָבִיב לִהְיוֹת
7 אֲחוּזִים וְלֹא־יִהְיוּ אֲחוּזִים בְּקִיר הַבָּיִת׃ וְרָחֲבָה וְנָסְבָה
לְמַעְלָה לְמַעְלָה לַצְּלָעוֹת כִּי מוּסַב־הַבַּיִת לְמַעְלָה
לְמַעְלָה סָבִיב ׀ סָבִיב לַבַּיִת עַל־כֵּן רֹחַב לַבַּיִת לְמָעְלָה
8 וְכֵן הַתַּחְתּוֹנָה יַעֲלֶה עַל־הָעֶלְיוֹנָה לַתִּיכוֹנָה׃ וְרָאִיתִי לַבַּיִת
גֹּבַהּ סָבִיב ׀ סָבִיב מְיֻסְּדוֹת הַצְּלָעוֹת מְלוֹ הַקָּנֶה שֵׁשׁ
9 אַמּוֹת אַצִּילָה׃ רֹחַב הַקִּיר אֲשֶׁר־לַצֵּלָע אֶל־הַחוּץ חָמֵשׁ
י אַמּוֹת וַאֲשֶׁר מֻנָּח בֵּית צְלָעוֹת אֲשֶׁר לַבָּיִת׃ וּבֵין הַלְּשָׁכוֹת
11 רֹחַב עֶשְׂרִים אַמָּה סָבִיב לַבַּיִת סָבִיב ׀ סָבִיב׃ וּפֶתַח
הַצֵּלָע לַמֻּנָּח פֶּתַח אֶחָד דֶּרֶךְ הַצָּפוֹן וּפֶתַח אֶחָד לַדָּרוֹם
12 וְרֹחַב מְקוֹם הַמֻּנָּח חָמֵשׁ אַמּוֹת סָבִיב ׀ סָבִיב׃ וְהַבִּנְיָן
אֲשֶׁר אֶל־פְּנֵי הַגִּזְרָה פְּאַת דֶּרֶךְ־הַיָּם רֹחַב שִׁבְעִים אַמָּה
וְקִיר הַבִּנְיָן חָמֵשׁ־אַמּוֹת רֹחַב סָבִיב ׀ סָבִיב וְאָרְכּוֹ תִּשְׁעִים

פון יענער זייט: 49 די לענג פון דער האלע איז געוועזען צוואנציג איילען, און די ברייט עלף איילען, און אויף טרעפען איז מען ארויפגעגאנגען, און עס זענען געוועזען זיילען ביי די ביישטידלעך, איינע פון די זייט און איינע פון יענע זייט:

## קאפיטעל מא

1 און (דערנאך) האט ער מיך אריינגעבראכט אין דעם היכל, און ער האט געמאסטען די זיילען, זעקס איילען די ברייט פון די זייט און זעקס איילען די ברייט פון יענער זייט, דאס איז געוועזען די ברייט פון דעם געצעלט: 2 און די ברייט פון די טהיער איז געוועזען צעהן איילען, און די זייטען פון די טהיער פינף איילען פון די זייט און פינף איילען פון יענער זייט, און ער האט געמאסטען די לענג דערפון פירציג איילען און די ברייט צוואנציג איילען: 3 און ער איז אריינגעגאנגען אינעווענדיג, און ער האט געמאסטען די זיילען פון דער טהיער צוויי איילען, און די טהיער זעקס איילען, און די ברייט פון די טהיער זיבען איילען: 4 און ער האט געמאסטען זיינע לענג צוואנציג איילען, און די ברייט צוואנציג איילען, פאר דעם היכל, און ער האט צו מיר געזאגט, דאס איז דאס קדשי קדשים: 5 און ער האט געמאסטען די וואנד פון דעם הויז, זעקס איילען, און די ברייט פון איטליכע זייטען־קאמער, פיער איילען רינגס ארום אום דעם הויז ארום: 6 און די זייטען־קאמערן זענען געוועזען איינע קאמער איבער די אנדערע קאמער, דריי און דרייסיג מאל, און זיי זענען אריינגעקומען אין די וואנד וואס איז געוועזען פון דעם הויז פאר די זייט־קאמערן רינגס ארום, כדי זיי זאלען אנגעהאלטען ווערען, אבער זיי זאלען ניט אנגעהאלטען ווערען אין דער וואנד פון דעם הויז: 7 און עס האט זיך פערברייטערט, און א רונדיגע טרעפ איז ארויפגעגאנגען אימער העכער צו די זייט־קאמערן, ווארין דאס ארומרינגעלן פון דעם הויז איז אימער העכער און העכער געוועזען רינגס ארום פון דעם הויז, דארום איז דאס הויז פון אויבען ברייטער געוועזען, און אזוי איז מען ארויפגעגאנגען פון דער אונטערשטען קאמער צו דער אויבערשטען דורך די מיטעלסטע: 8 און איך האב אויך געזעהען די הייך פון דעם הויז רינגס ארום, די גרונדען פון די זייט־קאמערן זענען געוועזען א פול מעסט־ראהר פון זעקס איילען: 9 די ברייט פון דער וואנד פון דער זייט־קאמער פון אויסעווענדיג איז געוועזען פינף איילען, און דאס וואס איז איבערגעלאזט איז געוועזען א פלאץ פאר די זייט־קאמערן וואס איז אינעווענדיג פון דעם הויז: 10 און צווישען די קאמערן איז געוועזען א ברייט פון צוואנציג איילען רינגס ארום צו דעם בית המקדש ארום: 11 און די טהיער פון די זייטען־קאמער איז געוועזען קעגען דעם איבערגעלאזטען פלאץ, איינע טהיער צו צפון־זייט און איינע טהיער צו דרום־זייט, און דער ברייטער ארט וואס איז איבערגעלאזט, איז געוועזען פינף איילען רינגס ארום: 12 און דאס געביידע וואס איז געוועזען פאר דעם אפגעזונדערטען ארט, אן דעם עק נאך מערב־זייט, איז געוועזען זיבעציג איילען ברייט, און די וואנד פון דעם געביידע איז געוועזען פינף איילען ברייט רינגס ארום, און זיינע לענג ניינציג איילען

13 אַמָּה׃ וּמָדַד אֶת־הַבַּיִת אֹרֶךְ מֵאָה אַמָּה וְהַגִּזְרָה וְהַבִּנְיָה
14 וְקִירוֹתֶיהָ אֹרֶךְ מֵאָה אַמָּה׃ וְרֹחַב פְּנֵי הַבַּיִת וְהַגִּזְרָה
טו לַקָּדִים מֵאָה אַמָּה׃ וּמָדַד אֹרֶךְ־הַבִּנְיָן אֶל־פְּנֵי הַגִּזְרָה
אֲשֶׁר עַל־אַחֲרֶיהָ וְאַתּוּקֶיהָא מִפּוֹ וּמִפּוֹ מֵאָה אַמָּה וְהַהֵיכָל
16 הַפְּנִימִי וְאֻלַמֵּי הֶחָצֵר׃ הַסִּפִּים וְהַחַלּוֹנִים הָאֲטֻמוֹת
וְהָאַתִּיקִים ׀ סָבִיב לִשְׁלָשְׁתָּם נֶגֶד הַסַּף שְׂחִיף עֵץ סָבִיב ׀
17 סָבִיב וְהָאָרֶץ עַד־הַחַלֹּנוֹת וְהַחַלֹּנוֹת מְכֻסּוֹת׃ עַל־מֵעַל
הַפֶּתַח וְעַד־הַבַּיִת הַפְּנִימִי וְלַחוּץ וְאֶל־כָּל־הַקִּיר סָבִיב ׀
18 סָבִיב בַּפְּנִימִי וּבַחִיצוֹן מִדּוֹת׃ וְעָשׂוּי כְּרוּבִים וְתִמֹרִים
19 וְתִמֹרָה בֵּין־כְּרוּב לִכְרוּב וּשְׁנַיִם פָּנִים לַכְּרוּב׃ וּפְנֵי אָדָם
אֶל־הַתִּמֹרָה מִפּוֹ וּפְנֵי־כְפִיר אֶל־הַתִּמֹרָה מִפּוֹ עָשׂוּי אֶל־
כ כָּל־הַבַּיִת סָבִיב ׀ סָבִיב׃ מֵהָאָרֶץ עַד־מֵעַל הַפֶּתַח
21 הַכְּרוּבִים וְהַתִּמֹרִים עֲשׂוּיִם וְקִיר הַהֵיכָל׃ הַהֵיכָל מְזוּזַת
22 רְבֻעָה וּפְנֵי הַקֹּדֶשׁ הַמַּרְאֶה כַּמַּרְאֶה׃ הַמִּזְבֵּחַ עֵץ שָׁלוֹשׁ
אַמּוֹת גָּבֹהַּ וְאָרְכּוֹ שְׁתַּיִם אַמּוֹת וּמִקְצֹעוֹתָיו לוֹ וְאָרְכּוֹ
וְקִירֹתָיו עֵץ וַיְדַבֵּר אֵלַי זֶה הַשֻּׁלְחָן אֲשֶׁר לִפְנֵי יְהוָה׃
23 24 וּשְׁתַּיִם דְּלָתוֹת לַהֵיכָל וְלַקֹּדֶשׁ׃ וּשְׁתַּיִם דְּלָתוֹת לַדְּלָתוֹת
שְׁתַּיִם מוּסַבּוֹת דְּלָתוֹת שְׁתַּיִם לְדֶלֶת אֶחָת וּשְׁתֵּי דְלָתוֹת
כה לָאַחֶרֶת׃ וַעֲשׂוּיָה אֲלֵיהֶן אֶל־דַּלְתוֹת הַהֵיכָל כְּרוּבִים
וְתִמֹרִים כַּאֲשֶׁר עֲשׂוּיִם לַקִּירוֹת וְעָב עֵץ אֶל־פְּנֵי הָאוּלָם
26 מֵהַחוּץ׃ וְחַלּוֹנִים אֲטֻמוֹת וְתִמֹרִים מִפּוֹ וּמִפּוֹ אֶל־כִּתְפוֹת
הָאוּלָם וְצַלְעוֹת הַבַּיִת וְהָעֻבִּים׃

## מב

מב

א וַיּוֹצִאֵנִי אֶל־הֶחָצֵר הַחִיצוֹנָה הַדֶּרֶךְ דֶּרֶךְ הַצָּפוֹן וַיְבִאֵנִי
אֶל־הַלִּשְׁכָּה אֲשֶׁר נֶגֶד הַגִּזְרָה וַאֲשֶׁר־נֶגֶד הַבִּנְיָן אֶל־
2 הַצָּפוֹן׃ אֶל־פְּנֵי אֹרֶךְ אַמּוֹת הַמֵּאָה פֶּתַח הַצָּפוֹן וְהָרֹחַב
3 חֲמִשִּׁים אַמּוֹת׃ נֶגֶד הָעֶשְׂרִים אֲשֶׁר לֶחָצֵר הַפְּנִימִי וְנֶגֶד

איילען: 13 אונד ער האט געמאסטען דיא לענג פון דעם הויז הונדערט איילען, אונד דיא אפזונדערונג פון דעם געביידע, אונד איהרע ווענד, הונדערט איילען לאנג: 14 אונד דיא ברייט פון דעם פנים פון דעם הויז אונד דיא אפזונדערונג צו דער מזרח־זייט, הונדערט איילען: 15 אונד ער האט געמאסטען דיא לענג פון דעם געביידע אן דער פארדער זייט פון דער אפזונדערונג, וואס איז געוועזען הינטער איהר, אונד דיא גאלעריען פון דיא זייט אונד יענע זייט, הונדערט איילען, מיט דעם אינעווענייגסטען היכל מיט דיא הא־לען פון דעם פארהויף: 16 דיא שוועל־לען, אונד דיא שמאלע פענסטער אונד גאלעריען ארום צו אלע דרייא קעגען דער שוועל איז געוועזען געבאלקענד מיט האלץ ארום אונד ארום, אונד פון דער ערד ביז צו דיא פענסטער, אונד דיא פענסטער זענען געוועזען בעדעקט: 17 צו דעם (וואס איז געוועזען) איבער דער טהיער, אונד ביז צו דעם הויז, אינעווענייג אונד פון אויסעווענייג, אונד צו דער גאנצער וואנד רינגס ארום אינעווענייג אונד אויסעווענייג, נאך דעם מאס: 18 אונד עס איז געמאכט געוועזען מיט כרובים אונד טייטעלביימער, אזוי דאס א טייטעלבוים איז געוועזען צווישען א כרוב אונד א כרוב, אונד איטליכער כרוב האט געהאט צווייא פענעמער: 19 אונד דאס פנים פון א מענש איז געוועזען קעגען דעם טייטעלבוים פון דיא זייט, אונד דאס פנים פון א לייב קעגען דעם טייטעלבוים פון יענער זייט, אזוי איז געמאכט געוועזען צו דעם גאנצען הויז רינגס ארום: 20 פון דער ערד ביז איבער דיא טהיער זענען געמאכט געוועזען דיא כרובים אונד דיא טייטעלביימער, אונד אויך אן דער וואנד פון דעם היכל: 21 דיא בייטשטידלעך פון דעם היכל זענען געוועזען פיער עקיג, אונד דיא פארדער זייט פון דעם בית המקדש, אונד דיא געשטאלט פון איינעם איז געוועזען אזוי וויא דיא געשטאלט פון דעם אנ־דערן: 22 דער מזבח איז געוועזען פון האלץ, דרייא איילען הויך אונד צווייא איילען לאנג, אונד זיינע עקען דערפון, אונד זיינע לענג, אונד זיינע ווענד זענען געוועזען פון האלץ; אונד ער האט צו מיר געזאגט, דאס איז דער טיש וואס איז פאר דעם האר: 23 אונד דער היכל אונד דאס בית המקדש האט געהאט צווייא טהירען: 24 אונד איטליכע טהיער האט געהאט צווייא האלבע טהירען וואס האבען זיך ארומגעדרעהט, צווייא האלבע טהירען ווארען צו איטליכע טהיער צו איינע אונד צו דיא אנדערע: 25 אונד עס וואר אן זייא געמאכט, אן דיא טהירען פון דעם היכל כרובים אונד טייט־טעלביימער, אזוי וויא עס וואר געמאכט צו דיא ווענד, אונד א דיקער האלצענער באלקען איז געוועזען פארענט אין דער האלע פון אויסעווענייג: 26 אונד עס זענען געוועזען שמאלע פענסטער אונד טייטעלביימער פון דיא זייט אונד פון יענער זייט אן דיא זייטען פון דער האלע, אונד אן דיא זייטען פון דעם הויז אונד דיא דיקע באלקען:

קאפיטעל מב

1 אונד ער האט מיך ארויסגעבראכט צו דעם אויסעווענייגסטען הויף אויף דעם וועג פון צפון־זייט, אונד ער האט מיך אריינגעבראכט אין דיא קאמער וואס איז געוועזען קעגענאיבער דעם אפגעזונדערטען ארט אונד קעגען דעם געביידע אן דער צפון־זייט: 2 פאר דער לענג פון הונדערט איילען איז געוועזען דיא צפון־זייט טהיער, אונד דיא ברייט איז געוועזען פופציג איילען: 3 קעגענאיבער דיא צוואנציג (איילען) וואס איז געוועזען פאר דעם אינעווענייגסטען הויף, אונד איבער דעם

פלאסטער

רִצְפָה אֲשֶׁר לֶחָצֵר הַחִיצוֹנָה אַתִּיק אֶל־פְּנֵי־אַתִּיק
4 בַּשְּׁלִשִׁים׃ וְלִפְנֵי הַלְּשָׁכוֹת מַהֲלַךְ עֶשֶׂר אַמּוֹת רֹחַב אֶל־
ה הַפְּנִימִית דֶּרֶךְ אַמָּה אֶחָת וּפִתְחֵיהֶם לַצָּפוֹן׃ וְהַלְּשָׁכוֹת
הָעֶלְיוֹנֹת קְצֻרוֹת כִּי־יוֹכְלוּ אַתִּיקִים מֵהֵנָּה מֵהַתַּחְתֹּנוֹת
6 וּמֵהַתִּיכֹנוֹת בִּנְיָן׃ כִּי מְשֻׁלָּשׁוֹת הֵנָּה וְאֵין לָהֶן עַמּוּדִים
כְּעַמּוּדֵי הַחֲצֵרוֹת עַל־כֵּן נֶאֱצַל מֵהַתַּחְתּוֹנוֹת וּמֵהַתִּיכֹנוֹת
7 מֵהָאָרֶץ׃ וְגָדֵר אֲשֶׁר־לַחוּץ לְעֻמַּת הַלְּשָׁכוֹת דֶּרֶךְ הֶחָצֵר
8 הַחִיצֹנָה אֶל־פְּנֵי הַלְּשָׁכוֹת אָרְכּוֹ חֲמִשִּׁים אַמָּה׃ כִּי־
אֹרֶךְ הַלְּשָׁכוֹת אֲשֶׁר לֶחָצֵר הַחִיצֹנָה חֲמִשִּׁים אַמָּה וְהִנֵּה
9 עַל־פְּנֵי הַהֵיכָל מֵאָה אַמָּה׃ וּמִתַּחַתה ׀ לְשָׁכוֹת הָאֵלֶּה
י הַמֵּבוֹא מֵהַקָּדִים בְּבֹאוֹ לָהֵנָּה מֵהֶחָצֵר הַחִצֹנָה׃ בְּרֹחַב ׀
גֶּדֶר הֶחָצֵר דֶּרֶךְ הַקָּדִים אֶל־פְּנֵי הַגִּזְרָה וְאֶל־פְּנֵי הַבִּנְיָן
11 לְשָׁכוֹת׃ וְדֶרֶךְ לִפְנֵיהֶם כְּמַרְאֵה הַלְּשָׁכוֹת אֲשֶׁר דֶּרֶךְ
הַצָּפוֹן כְּאָרְכָּן כֵּן רָחְבָּן וְכֹל מוֹצָאֵיהֶן וּכְמִשְׁפְּטֵיהֶן
12 וּכְפִתְחֵיהֶן׃ וּכְפִתְחֵי הַלְּשָׁכוֹת אֲשֶׁר דֶּרֶךְ הַדָּרוֹם פֶּתַח
בְּרֹאשׁ דָּרֶךְ דֶּרֶךְ בִּפְנֵי הַגְּדֶרֶת הֲגִינָה דֶּרֶךְ הַקָּדִים
13 בְּבוֹאָן׃ וַיֹּאמֶר אֵלַי לִשְׁכוֹת הַצָּפוֹן לִשְׁכוֹת הַדָּרוֹם אֲשֶׁר
אֶל־פְּנֵי הַגִּזְרָה הֵנָּה ׀ לִשְׁכוֹת הַקֹּדֶשׁ אֲשֶׁר יֹאכְלוּ־שָׁם
הַכֹּהֲנִים אֲשֶׁר־קְרוֹבִים לַיהוָה קָדְשֵׁי הַקֳּדָשִׁים שָׁם יַנִּיחוּ ׀
קָדְשֵׁי הַקֳּדָשִׁים וְהַמִּנְחָה וְהַחַטָּאת וְהָאָשָׁם כִּי הַמָּקוֹם
14 קָדֹשׁ׃ בְּבֹאָם הַכֹּהֲנִים וְלֹא־יֵצְאוּ מֵהַקֹּדֶשׁ אֶל־הֶחָצֵר
הַחִיצוֹנָה וְשָׁם יַנִּיחוּ בִגְדֵיהֶם אֲשֶׁר־יְשָׁרְתוּ בָהֶן כִּי־קֹדֶשׁ
טו הֵנָּה יִלְבְּשׁוּ בְּגָדִים אֲחֵרִים וְקָרְבוּ אֶל־אֲשֶׁר לָעָם׃ וְכִלָּה
אֶת־מִדּוֹת הַבַּיִת הַפְּנִימִי וְהוֹצִיאַנִי דֶּרֶךְ הַשַּׁעַר אֲשֶׁר
16 פָּנָיו דֶּרֶךְ הַקָּדִים וּמְדָדוֹ סָבִיב ׀ סָבִיב׃ מָדַד רוּחַ הַקָּדִים
בִּקְנֵה הַמִּדָּה חֲמֵשׁ־אֵמוֹת קָנִים בִּקְנֵה הַמִּדָּה סָבִיב׃
17 מָדַד רוּחַ הַצָּפוֹן חֲמֵשׁ־מֵאוֹת קָנִים בִּקְנֵה הַמִּדָּה סָבִיב׃

פלאסטער וואס איז געוועזען פאר דעם אויסוועניגען הויף, וואר א גאלערי אויף א גאלערי געדריטעלט: 4 אונד פאר דיא קאמערן איז געוועזען א גאנג פון צעהן איילען ברייט, פון אינעוועניג א וועג פון איינע איל, אונד זייערע טיהרען וואַרען קעגען צפון־זייט: 5 אונד דיא אויבערשטע קאמערן זענען געוועזען קורצער ווייל דיא גאלעריען האבען פון זייא פלאץ פערנומען, ווייל דיא אונטערשטע זענען העכער געוועזען פון דיא מיטעלסטע פון דעם געביידע: 6 וואָרין זייא זענען געוועזען געדריטעלט, אונד זייא האבען ניט געהאט קיינע זיילען אזוי וויא דיא זיילען פון דיא פארהויף, דארום זענען זייא שמאלער געוועזען וויא דיא אונטערשטע אונד דיא מיטעלסטע פון דער ערד אן: 7 אונד דיא וואַנד וואס איז געוועזען פון אויסעוועניג קעגענאיבער דיא קאמערן פון דעם אויסעוועניגסטען הויף פאר דיא קאמערן איז געוועזען פופציג איילען לאנג: 8 וואָרין דיא לענג פון דיא קאמערן וואס זענען געוועזען פון דעם אויסעוועניגסטען הויף וואַרען פופציג איילען, אונד זעה, פאר דעם היכל איז געוועזען הונדערט איילען: 9 אונד פון אונטער דיא דאזיגע קאמערן איז מען אריינגעקומען פון מזרח־זייט, ווען מען געהט אריין צו זייא פון דעם אויסעוועניגסטען הויף: 10 אין דער ברייט פון דער מויער פון דעם הויף אויף דער מזרח־זייט פאר דעם אפגעזונדערטען ארט, אונד פאר דעם געביידע זענען געוועזען קאמערן: 11 אונד דער וועג פאר זייא האט אויסגעזעהען וויא דיא קאמערן וואס זענען אויף דעם וועג פון צפון־זייט, אזוי וויא זייערע לענג איז געוועזען אזוי וואר אויך זייערע ברייט, אונד אלע זייערע אויסגענג זענען געוועזען נאך זייערע משפטים, אונד נאך זייערע טיהרען: 12 אונד אזוי וויא דיא טיהרען פון דיא קאמערן אויף דעם וועג פון דרום־זייט, איז (אויך) געוועזען א טהיער אין דעם אנהייב פון דעם וועג, אין דעם וועג גראד פאר דער מויער אויף דער מזרח־זייט, אַוואו מען קומט אריין: 13 אונד ער האט צו מיר געזאגט, דיא צפון־זייט קאמערן אונד דיא דרום־זייט קאמערן וואס זענען פאר דעם אפגעזונדערטען ארט, זייא זענען דיא הייליגע קאמערן, אַוואו דיא כהנים וואס גענעהענען זיך צו גאט זאלען דארט עסען דיא אלע הייליגסטע זאכען, אונד דארט זאלען אהינגעלעגט ווערען דיא אלער הייליגסטע זאכען, אונד דאס קרבן מנחה, אונד דאס קרבן חטאת, אונד דאס קרבן אשם, וואָרין דער ארט איז הייליג: 14 ווען דיא כהנים קומען אריין, אזוי זאלען זייא ניט ווידער ארויסגעהן פון דעם הייליגען ארט צו דעם אויסעוועניגסטען הויף, נייערט דארט זאלען זייא אנידערלעגען זייערע קליידער מיט וועלכע זייא דינען, וואָרין זייא זענען הייליג, אונד זייא זאלען אנטהון אנדערע קליידער ווען זייא גענעהענען זיך צו דעם וואס געהערט צו דעם פאלק: 15 אונד ווען ער האט געמאכט איין ענד צו מעסטען דאס אינעוועניגסטע הויז, אזוי האט ער מיך ארויסגעבראכט אויף דעם וועג וואס איז פאר דעם מזרח וועג, אונד ער האט עס געמאסטען רינגס ארום: 16 אונד ער האט געמאסטען דיא מזרח־זייט מיט דעם מעסט־ראהר, פינף הונדערט ראהרען מיט דעם מעסט־ראהר רינגס ארום: 17 אונד ער האט געמאסטען דיא צפון־זייט פינף הונדערט ראהרען, מיט דעם מעסט־ראהר רינגס ארום:

18 אוּנְד דִיא דָרוֹם־זַייט הָאט עֶר
גֶעמָאסְטֶען פִינְף הוּנְדֶערְט רָאהְרֶען מִיט
דֶעם מֶעסְט־רָאהְר׃ 19 עֶר הָאט זִיךְ
אוּמְגֶעדְרֶעהְט צוּ דֶער מַעֲרָב־זַייט, אוּנְד
עֶר הָאט גֶעמָאסְטֶען פִינְף הוּנְדֶערְט
רָאהְרֶען מִיט דֶעם מֶעסְט־רָאהְר׃ 20 עֶר
הָאט גֶעמָאסְטֶען אַן דִיא פִיעֶר זַייטֶען,
עֶס הָאט גֶעהַאט אַ מוֹיעֶר רִינְגְס אַרוּם,
פִינְף הוּנְדֶערְט (רָאהְרֶען) אִין דִיא לֶענְג
אוּנְד פִינְף הוּנְדֶערְט אִין דִיא בְּרֵייט,
אָפְּצוּשֵׁיידֶען צְווִישֶׁען דֶעם הֵיילִיגֶען
אוּנְד דֶעם אוּמְהֵיילִיגֶען׃

קאפיטעל מג

1 אוּנְד עֶר הָאט מִיךְ אַהִינְגֶעפִיהְרְט צוּ
דֶעם טוֹיעֶר, דָאס טוֹיעֶר וָואס קֶעהְרְט
זִיךְ קֶעגֶען מִזְרַח־זַייט׃ 2 אוּנְד זֶעה, דֶער
כָּבוֹד פוּן דֶעם גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל אִיז גֶע־
קוּמֶען פוּן דֶעם וֶועג פוּן דֶער מִזְרַח־זַייט,
אוּנְד זַיין קוֹל אִיז גֶעוֶועזֶען אַזוֹי וִויא
דָאס קוֹל פוּן פִילֶע וַואסֶערְן, אוּנְד דִיא
עֶרְד הָאט גֶעשַׁיינְט וֶועגֶען זַיין כָּבוֹד׃
3 אוּנְד דִיא גֶעשְׁטַאלְט אִיז גֶעוֶועזֶען אַזוֹי
וִויא דִיא גֶעשְׁטַאלְט וָואס אִיךְ הָאבּ
גֶעזֶעהֶען, גְרָאד אַזוֹי וִויא דִיא גֶעשְׁטַאלְט
וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען וֶוען אִיךְ בִּין אַרֵיינְגֶעקוּמֶען דִיא שְׁטָאט צוּ פֶערְדַארְבֶּען, אוּנְד
גֶעשְׁטַאלְטֶען וִויא דִיא גֶעשְׁטַאלְט וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען בֵּייא דֶעם טַייךְ כְּבָר, אוּנְד
אִיךְ בִּין גֶעפַאלֶען אוֹיף מַיין פָּנִים׃ 4 אוּנְד דֶער כָּבוֹד פוּן דֶעם הַאר אִיז אַרֵיינְגֶעקוּמֶען אִין
דֶעם בֵּית הַמִקְדָשׁ דוּרְךְ דֶעם טוֹיעֶר וָואס קֶעהְרְט זִיךְ אוֹיף דֶעם וֶועג פוּן
מִזְרַח־זַייט׃ 5 אוּנְד דֶער רוּחַ (הַקוֹדֶשׁ) הָאט מִיךְ אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען אוּנְד הָאט מִיךְ אַרֵיינְ־
גֶעבְּרַאכְט צוּ דֶעם אִינֶעוֶוענִיגְסְטֶען הוֹיף, אוּנְד זֶעה, דֶער כָּבוֹד פוּן דֶעם הַאר הָאט פוּל
גֶעמַאכְט דָאס בֵּית הַמִקְדָשׁ׃ 6 אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעהֶערְט דֶעם וָואס הָאט מִיט מִיר
גֶערֶעט פוּן דֶעם בֵּית הַמִקְדָשׁ, אוּנְד אַ מַאן אִיז נֶעבֶּען מִיר גֶעשְׁטַאנֶען׃ 7 אוּנְד עֶר
הָאט צוּ מִיר גֶעזָאגְט, בֶּן־אָדָם, דָאס אִיז דֶער אָרְט פוּן מַיין טְרוֹין־שְׁטוּהְל, אוּנְד דֶער
אָרְט פַאר דִיא טְרִיט פוּן מַיינֶע פִיס וָואס אִיךְ וֶועל דָארְט וְואוֹינֶען צְווִישֶׁען דִיא קִינְ־
דֶער יִשְׂרָאֵל אוֹיף עֶבִּיג, אוּנְד דָאס הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן יִשְׂרָאֵל וֶועט נִיט מֶעהְר מְטַמֵא זַיין
מַיין הֵיילִיגֶען נָאמֶען, נִיט זֵייא אָדֶער זֵייעֶרֶע מְלָכִים, מִיט זֵייעֶר זְנוּת אוּנְד מִיט דִיא
פְּגָרִים פוּן זֵייעֶרֶע מְלָכִים אוּנְד מִיט זֵייעֶרֶע בָּמוֹת׃ 8 אִין דֶעם זֵייא הָאבֶּען גֶעמַאכְט
זֵייעֶרֶע שְׁוֶועל בֵּייא מֵיינֶע שְׁוֶועל אוּנְד זֵייעֶרֶע מְזוּזוֹת בֵּייא מֵיינֶע מְזוּזָה, אוּנְד עֶס אִיז
נָאר גֶעוֶועזֶען אַ וַואנְד צְווִישֶׁען מִיר אוּנְד צְווִישֶׁען זֵייא, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען מְטַמֵא
גֶעוֶועזֶען מֵיין הֵיילִיגֶען נָאמֶען, דוּרְךְ זֵייעֶרֶע אוּמְוֶוערְדִיגֶע מַעֲשִׂים וָואס זֵייא הָאבֶּען
גֶעטְהוּן, דָארוּם הָאבּ אִיךְ זֵייא פֶערְטִילִיגְט מִיט מֵיין צָארְן׃ 9 אַצוּנְד לָאז פוּן מִיר
דֶערְוַוייטֶערְט וֶוערֶען זֵייעֶר זְנוּת, אוּנְד דִיא פְּגָרִים פוּן זֵייעֶרֶע מְלָכִים, אוּנְד אִיךְ וֶועל
צְווִישֶׁען זֵייא וְואוֹינֶען אוֹיף עֶבִּיג׃ 10 דוּא בֶּן־אָדָם, צֵייג צוּ דֶעם הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן יִשְׂרָאֵל
דָאס בֵּית הַמִקְדָשׁ, כְּדֵי זֵייא זָאלֶען זִיךְ שֶׁעמֶען וֶועגֶען זֵייעֶרֶע זִינְד, אוּנְד זֵייא זָאלֶען
אָפְּמֶעסְטֶען דָאס מוּסְטֶער׃ 11 אוּנְד וֶוען זֵייא וֶועלֶען זִיךְ שֶׁעמֶען וֶועגֶען אַלֶעם וָואס
זֵייא הָאבֶּען גֶעטְהוּן, אַזוֹי זָאלְסְט דוּא צוּ זֵייא וַוייזֶען דָאס מוּסְטֶער פוּן דֶעם בֵּית הַמִקְדָשׁ
אוּנְד דִיא קַאמֶערְן אוּנְד דִיא אוֹיסְגֶענְג אוּנְד אַיינְגֶענְג, אוּנְד אַלֶע זֵיינֶע פָארְמֶען (בִּילְדֶער
פוּן דִיא כְּרוּבִים), אוּנְד אַלֶע זֵיינֶע גֶעזֶעץ, אוּנְד אַלֶע זֵיינֶע פָארְמֶען, אוּנְד אַלֶע זֵיינֶע
לֶערְנוּנְג, אוּנְד דוּא זָאלְסְט עֶס פָאר זֵייעֶרֶע אוֹיגֶען אוֹיפְשְׁרֵייבֶּען, כְּדֵי זֵייא זָאלֶען הִיטֶען דִיא
גַאנְצֶע פָארְם דֶערְפוּן, מִיט אַלֶע זֵיינֶע גֶעזֶעץ, אוּנְד זֵייא זָאלֶען זֵייא טְהוּן׃ 12 דָאס אִיז דִיא
תּוֹרָה פוּן דֶעם בֵּית הַמִקְדָשׁ, אוֹיף דֶער שְׁפִּיץ פוּן דֶעם בַּארְג זָאל זֵיינֶע גְרֶענְעֶץ רִינְגְס אַרוּם
זַיין

אֶת רוּחַ הַדָּרוֹם מָדַד חֲמֵשׁ־מֵאוֹת קָנִים בִּקְנֵה הַמִּדָּה׃ 18
סָבַב אֶל־רוּחַ הַיָּם מָדַד חֲמֵשׁ־מֵאוֹת קָנִים בִּקְנֵה הַמִּדָּה׃ 19
לְאַרְבַּע רוּחוֹת מְדָדוֹ חוֹמָה לוֹ סָבִיב ׀ סָבִיב אֹרֶךְ חֲמֵשׁ כ
מֵאוֹת וְרֹחַב חֲמֵשׁ מֵאוֹת לְהַבְדִּיל בֵּין הַקֹּדֶשׁ לְחֹל׃

מג

מג

וַיּוֹלִכֵנִי אֶל־הַשָּׁעַר שַׁעַר אֲשֶׁר פֹּנֶה דֶּרֶךְ הַקָּדִים׃ וְהִנֵּה א 2
כְּבוֹד אֱלֹהֵי יִשְׂרָאֵל בָּא מִדֶּרֶךְ הַקָּדִים וְקוֹלוֹ כְּקוֹל מַיִם
רַבִּים וְהָאָרֶץ הֵאִירָה מִכְּבֹדוֹ׃ וּכְמַרְאֵה הַמַּרְאֶה אֲשֶׁר 3
רָאִיתִי כַּמַּרְאֶה אֲשֶׁר־רָאִיתִי בְּבֹאִי לְשַׁחֵת אֶת־הָעִיר
וּמַרְאוֹת כַּמַּרְאֶה אֲשֶׁר רָאִיתִי אֶל־נְהַר כְּבָר וָאֶפֹּל אֶל־
פָּנָי׃ וּכְבוֹד יְהוָה בָּא אֶל־הַבָּיִת דֶּרֶךְ שַׁעַר אֲשֶׁר פָּנָיו 4
דֶּרֶךְ הַקָּדִים׃ וַתִּשָּׂאֵנִי רוּחַ וַתְּבִאֵנִי אֶל־הֶחָצֵר הַפְּנִימִי ה
וְהִנֵּה מָלֵא כְבוֹד־יְהוָה הַבָּיִת׃ וָאֶשְׁמַע מִדַּבֵּר אֵלַי מֵהַבָּיִת 6
וְאִישׁ הָיָה עֹמֵד אֶצְלִי׃ וַיֹּאמֶר אֵלַי בֶּן־אָדָם אֶת־מְקוֹם 7
כִּסְאִי וְאֶת־מְקוֹם כַּפּוֹת רַגְלַי אֲשֶׁר אֶשְׁכָּן־שָׁם בְּתוֹךְ בְּנֵי־
יִשְׂרָאֵל לְעוֹלָם וְלֹא יְטַמְּאוּ עוֹד בֵּית־יִשְׂרָאֵל שֵׁם קָדְשִׁי
הֵמָּה וּמַלְכֵיהֶם בִּזְנוּתָם וּבְפִגְרֵי מַלְכֵיהֶם בָּמוֹתָם׃ בְּתִתָּם 8
סִפָּם אֶת־סִפִּי וּמְזוּזָתָם אֵצֶל מְזוּזָתִי וְהַקִּיר בֵּינִי וּבֵינֵיהֶם
וְטִמְּאוּ ׀ אֶת־שֵׁם קָדְשִׁי בְּתוֹעֲבוֹתָם אֲשֶׁר עָשׂוּ וָאֲכַל אֹתָם
בְּאַפִּי׃ עַתָּה יְרַחֲקוּ אֶת־זְנוּתָם וּפִגְרֵי מַלְכֵיהֶם מִמֶּנִּי 9
וְשָׁכַנְתִּי בְתוֹכָם לְעוֹלָם׃ אַתָּה בֶן־אָדָם הַגֵּד אֶת־ י
בֵּית־יִשְׂרָאֵל אֶת־הַבַּיִת וְיִכָּלְמוּ מֵעֲוֺנוֹתֵיהֶם וּמָדְדוּ אֶת־
תָּכְנִית׃ וְאִם־נִכְלְמוּ מִכֹּל אֲשֶׁר־עָשׂוּ צוּרַת הַבַּיִת וּתְכוּנָתוֹ 11
וּמוֹצָאָיו וּמוֹבָאָיו וְכָל־צוּרֹתָו וְאֵת כָּל־חֻקֹּתָיו וְכָל־צוּרֹתָו
וְכָל־תּוֹרֹתָו הוֹדַע אוֹתָם וּכְתֹב לְעֵינֵיהֶם וְיִשְׁמְרוּ אֶת־כָּל־
צוּרָתוֹ וְאֶת־כָּל־חֻקֹּתָיו וְעָשׂוּ אוֹתָם׃ זֹאת תּוֹרַת הַבָּיִת 12
עַל־רֹאשׁ הָהָר כָּל־גְּבֻלוֹ סָבִיב ׀ סָבִיב קֹדֶשׁ קָדָשִׁים הִנֵּה־

13 זֹאת תּוֹרַת הַבָּיִת׃ וְאֵלֶּה מִדּוֹת הַמִּזְבֵּחַ בָּאַמּוֹת אַמָּה
אַמָּה וָטֹפַח וְחֵיק הָאַמָּה וְאַמָּה־רֹחַב וּגְבוּלָהּ אֶל־שְׂפָתָהּ
14 סָבִיב זֶרֶת הָאֶחָד וְזֶה גַּב הַמִּזְבֵּחַ׃ וּמֵחֵיק הָאָרֶץ עַד־
הָעֲזָרָה הַתַּחְתּוֹנָה שְׁתַּיִם אַמּוֹת וְרֹחַב אַמָּה אֶחָת
וּמֵהָעֲזָרָה הַקְּטַנָּה עַד־הָעֲזָרָה הַגְּדוֹלָה אַרְבַּע אַמּוֹת
טו וְרֹחַב הָאַמָּה׃ וְהַהַרְאֵל אַרְבַּע אַמּוֹת וּמֵהָאֲרִאֵיל וּלְמַעְלָה
16 הַקְּרָנוֹת אַרְבַּע׃ וְהָאֲרִאֵיל שְׁתֵּים עֶשְׂרֵה אֹרֶךְ בִּשְׁתֵּים
17 עֶשְׂרֵה רֹחַב רָבוּעַ אֶל אַרְבַּעַת רְבָעָיו׃ וְהָעֲזָרָה אַרְבַּע
עֶשְׂרֵה אֹרֶךְ בְּאַרְבַּע עֶשְׂרֵה רֹחַב אֶל־אַרְבַּעַת רְבָעֶיהָ
וְהַגְּבוּל סָבִיב אוֹתָהּ חֲצִי הָאַמָּה וְהַחֵיק־לָהּ אַמָּה סָבִיב
18 וּמַעֲלֹתֵהוּ פְּנוֹת קָדִים׃ וַיֹּאמֶר אֵלַי בֶּן־אָדָם כֹּה אָמַר
אֲדֹנָי יֱהוִה אֵלֶּה חֻקּוֹת הַמִּזְבֵּחַ בְּיוֹם הֵעָשׂוֹתוֹ לְהַעֲלוֹת
19 עָלָיו עוֹלָה וְלִזְרֹק עָלָיו דָּם׃ וְנָתַתָּה אֶל־הַכֹּהֲנִים הַלְוִיִּם
אֲשֶׁר הֵם מִזֶּרַע צָדוֹק הַקְּרֹבִים אֵלַי נְאֻם אֲדֹנָי יֱהוִה
כ לְשָׁרְתֵנִי פַּר בֶּן־בָּקָר לְחַטָּאת׃ וְלָקַחְתָּ מִדָּמוֹ וְנָתַתָּה עַל־
אַרְבַּע קַרְנֹתָיו וְאֶל־אַרְבַּע פִּנּוֹת הָעֲזָרָה וְאֶל־הַגְּבוּל
21 סָבִיב וְחִטֵּאתָ אוֹתוֹ וְכִפַּרְתָּהוּ׃ וְלָקַחְתָּ אֵת הַפָּר הַחַטָּאת
22 וּשְׂרָפוֹ בְּמִפְקַד הַבַּיִת מִחוּץ לַמִּקְדָּשׁ׃ וּבַיּוֹם הַשֵּׁנִי תַּקְרִיב
שְׂעִיר־עִזִּים תָּמִים לְחַטָּאת וְחִטְּאוּ אֶת־הַמִּזְבֵּחַ כַּאֲשֶׁר
23 חִטְּאוּ בַּפָּר׃ בְּכַלּוֹתְךָ מֵחַטֵּא תַּקְרִיב פַּר בֶּן־בָּקָר תָּמִים
24 וְאַיִל מִן־הַצֹּאן תָּמִים׃ וְהִקְרַבְתָּם לִפְנֵי יְהוָה וְהִשְׁלִיכוּ
כה הַכֹּהֲנִים עֲלֵיהֶם מֶלַח וְהֶעֱלוּ אוֹתָם עֹלָה לַיהוָה׃ שִׁבְעַת
יָמִים תַּעֲשֶׂה שְׂעִיר־חַטָּאת לַיּוֹם וּפַר בֶּן־בָּקָר וְאַיִל מִן־
26 הַצֹּאן תְּמִימִים יַעֲשׂוּ׃ שִׁבְעַת יָמִים יְכַפְּרוּ אֶת־הַמִּזְבֵּחַ
27 וְטִהֲרוּ אֹתוֹ וּמִלְאוּ יָדוֹ׃ וִיכַלּוּ אֶת־הַיָּמִים וְהָיָה בַיּוֹם
הַשְּׁמִינִי וָהָלְאָה יַעֲשׂוּ הַכֹּהֲנִים עַל־הַמִּזְבֵּחַ אֶת־עוֹלוֹתֵיכֶם
וְאֶת־שַׁלְמֵיכֶם וְרָצֵאתִי אֶתְכֶם נְאֻם אֲדֹנָי יֱהוִה׃

זיין גאַנץ הייליג; זעה, דאָס איז דיא לערנונג פון דעם בית המקדש: 13 אונד דיא דאזיגע זענען דיא מאָאס פון דעם מזבח נאָך דער איל, דיא איל איז איינע איל אונד אַ שפּאַן ברייט, אונד דער גרונד זאָל זיין איינע איל, אונד דיא ברייט איינע איל, אונד דיא גרענעץ דערפון ביים דעם זוים (אָדער עק) ריינגס אַרום זאָל זיין איין שפּאַן, אונד דאָס זאָל זיין דיא הייך פון דעם מזבח: 14 אונד פון דעם גרונד פון דער ערד אָן ביז צו דער אונטערשטע עזרה זאָל זיין צוויא איילען, אונד דיא ברייט איינע איל, אונד פון דער קליינער עזרה ביז צו דער גרויסער עזרה זאָל זיין פיער איילען, אונד (דיא ברייט) איינע איל: 15 אונד דער פייער פלאַץ (פון דעם מזבח) זאָל זיין פיער איילען, אונד פון דעם פייער פלאַץ אונד דאַריבער זאָלען זיין פיער הערנער: 16 אונד דער פייער פלאַץ זאָל זיין צוועלף איילען לאַנג אונד צוועלף איילען ברייט, פיער עקיג אַן זיינע פיער זייטען: 17 אונד דיא עזרה זאָל זיין פירצעהן איילען לאַנג, אונד פירצעהן איילען אין דיא ברייט צו דיא פיער זייטען, אונד דיא גרענעץ דערפון אַרום אַ האַלבע איל, אונד דער גרונד דערפון זאָל זיין איינע איל אַרום, אונד דיא טרעפּען דערפון זאָלען זיין קעגען מזרח־זייט: 18 אונד ער האָט צו מיר געזאָגט, בן־אָדם, אַזוי זאָגט דער האַר גאָט, דיא דאזיגע זענען דיא געזעץ פון דעם מזבח, אין דעם טאָג ווען מען וועט איהם מאַכען אויף איהם אויפצובּרענגען דאָס קרבן עולה, אונד אויף איהם צו שפּרינקעלן דאָס בלוט: 19 אונד דוא זאָלסט געבען צו דיא כהנים דיא לוים, וואָס זענען פון דעם זאָמען פון צדוק, וואָס גענעהענען זיך צו מיר, זאָגט דער האַר גאָט, כּדי מיר צו דינען, אַ יונגען אָקס פאַר אַ קרבן חטאת: 20 אונד דוא זאָלסט נעמען פון דעם בלוט אונד דוא זאָלסט עס געבען אויף דיא פיער הערנער אונד אויף דיא פיער ווינקעלן פון דער עזרה, אונד צו דיא גרענעץ רינגס אַרום, אונד אַזוי זאָלסט דוא איהם ריינינגען אונד איהם מכפּר זיין: 21 אונד דוא זאָלסט נעמען דעם אָקס פאַר דעם קרבן חטאת אונד איהם פערברענען, ביים אַ בעשטימטען אָרט, פון אויסעווענינג פון דעם בית המקדש: 22 אונד אין דעם צווייטען טאָג זאָלסט דוא מקריב זיין אַ ציגענבעקעל אָהן אַ מום פאַר אַ קרבן חטאת, אונד דוא זאָלסט ריינינגען דעם מזבח אַזוי וויא מען האָט איהם גערייניגט מיט דעם אָקס: 23 אונד ווען דוא האָסט געענדיגט צו ריינינגען, אַזוי זאָלסט דוא מקריב זיין אַ יונגען אָקס אָהן אַ מום, אונד אַ ווידער פון דיא שאָף אָהן אַ מום: 24 אונד דוא זאָלסט זייא מקריב זיין פאַר גאָט, אונד דיא כהנים זאָלען אויף זייא וואַרפען זאַלץ, אונד זייא זאָלען זייא מקריב זיין אַלס אַ קרבן עולה צו גאָט: 25 זיבען טעג זאָלסט דוא מאַכען אַ ציגעלע פאַר אַ קרבן חטאת, איטליכען טאָג, אונד אַ יונגען אָקס אונד אַ ווידער פון דיא שאָף, אָהן אַ פעהלער זאָלען זייא זיין: 26 זיבען טעג זאָל מען דעם מזבח מכפּר זיין אונד איהם ריינינגען, אונד זייא זאָלען דיא הענד פול מאַכען: 27 אונד ווען דיא טעג זענען געענדיגט,— אַזוי זאָלען דיא כהנים אין דעם אַכטען טאָג אונד דאַריבער מאַכען אויף דעם מזבח אייערע קרבן עולות אונד אייערע שלמים, אונד איך וועל אייך בעוויליגען, זאָגט דער האַר גאָט:

## קאפיטעל מד

1 אונד ער האט מיך צוריקגעבראכט אויף דעם וועג פון דעם טויער פון דעם אויסעווענייגסטען בית המקדש, וואס האט זיך געקעהרט צו מזרח־זייט, אונד עס איז געוועזען פערשלאָסען: 2 אונד דער האר האט צו מיר געזאגט, דאס דאזיגע טויער זאל זיין צוגעשלאָסען, עס זאל ניט אויפגעמאכט ווערען, אונד קיין מענש זאל ניט דורך דאס זעלבע אריינקומען, ווייל (נאר) דער האר, דער גאט פון ישראל איז דאדורך אריינגעקומען, דארום זאל עס צוגעשלאָסען זיין: 3 עס איז פאר דעם נשיא, ווייל ער איז א נשיא, ער מעג דארין זיצען כדי ברויט צו עסען פאר דעם האר, ער זאל אריינקומען אין דיא האלע דורך דעם טויער, אונד ער זאל אויף דעמזעלביגען וועג ארויסגעהן: 4 אונד ער האט מיך געבראכט אויף דעם וועג פון דעם צפון־טויער פאר דעם בית המקדש, אונד איך האב געזעהען, אונד זעה, דער כבוד פון דעם האר האט פול געמאכט דאס הויז פון דעם האר; אונד איך בין געפאלען אויף מיין פנים: 5 אונד דער האר האט צו מיר געזאגט, בן־אדם, נעם עס אויף אין דיין הארץ, אונד זעה מיט דיינע אויגען, אונד הער מיט דיינע אויערען אלעס וואס איך וועל מיט דיר רעדען וועגען אלע געזעץ פון דעם האר׳ם הויז, אונד וועגען אלע זיינע לערנונג, אונד דוא זאלסט עס אויפנעמען אין דיין הארץ, דאס אריינקומען אין דעם הויז, אונד מיט אלע אויסגעהנג פון דעם בית המקדש: 6 אונד דוא זאלסט זאגען צו דעם ווידערשפעניגען פאלק, צו דעם הויזגעזינד פון ישראל, אזוי זאגט דער האר גאט, אוי דוא הויזגעזינד פון ישראל, איהר האט שוין גענוג געהאט פון אלע איירע אומווערדיגע מעשים! 7 מיט דעם וואס איהר האט אריינגעבראכט פרעמדע קינדער וואס האבען אומבעשניטענע הערצער אונד זענען אומבעשניטען אין פלייש אז זייא זאלען זיין אין מיין בית המקדש, כדי מחלל צו זיין מיין הויז, ווען איהר האט מקריב געוועזען מיינע שפייז־אפפער, דאס חלב אונד בלוט, אונד זייא האבען (דערמיט) צושטערט מיין ברית וועגען אלע איירע אומווערדיגע מעשים: 8 אונד איהר האט ניט געהיט דיא היטונג פון מיינע היילינקייטען, נייערט איהר האט אייך אליין אנגעשטעלט היטערס צו היטען אין מיין בית המקדש: 9 אזוי זאגט דער האר גאט, קיין פרעמדער וואס האט איין אומבעשניטען הארץ אדער איז אומבעשניטען אין דעם פלייש זאל ניט אריינקומען אין מיין בית המקדש, פון איטליכען פרעמדען וואס איז צווישען דיא קינדער ישראל: 10 נייערט נאר דיא לוים וואס האבען זיך דערווייטערט פון מיר ווען ישראל האבען זיך פעראירט, וואס זייא האבען געאירט פון מיר נאכצוגעהן זייערע אפגעטער, אונד זייא זאלען ליידען פאר זייערע זינד: 11 דאך זאלען זייא זיין אלס משרתים אין מיין בית המקדש, אנגעשטעלט בייא דיא טויערן פון דעם הויז אונד משרתים פון דעם הויז, זייא זאלען שעכטען דאס קרבן עולה אונד דיא אנדערע קרבנות פון דעם פאלק, אונד זייא זאלען שטעהן פאר זייא צו בעדינען: 12 ווייל זייא האבען צו זייא געדינט פאר זייערע געצען, אונד זייא זענען געוועזען צו א שטרויכלונג פון זינד צו דעם הויזגעזינד פון ישראל, דארום האב איך אויפגעהויבען מיינע האנד קעגען זייא זאגט דער האר גאט, דאס זייא זאלען ליידען פאר זייערע זינד: 13 אונד זייא זאלען זיך ניט צו מיר גענעהענען כהנים צו מיר צו זיין, אויך ניט צו גענעהנען אין קיינערלייא פון מיינע היילינקייטען אונד מכל שכן אין דעם קדשי קדשים, אונד זייא

מד

מד

א וַיָּשֶׁב אֹתִי דֶּרֶךְ שַׁעַר הַמִּקְדָּשׁ הַחִיצוֹן הַפֹּנֶה קָדִים וְהוּא
2 סָגוּר׃ וַיֹּאמֶר אֵלַי יְהוָה הַשַּׁעַר הַזֶּה סָגוּר יִהְיֶה לֹא
יִפָּתֵחַ וְאִישׁ לֹא־יָבֹא בוֹ כִּי יְהוָה אֱלֹהֵי־יִשְׂרָאֵל בָּא בוֹ
3 וְהָיָה סָגוּר׃ אֶת־הַנָּשִׂיא נָשִׂיא־הוּא יֵשֶׁב־בּוֹ לֶאֱכָול־לֶחֶם
לִפְנֵי יְהוָה מִדֶּרֶךְ אוּלָם הַשַּׁעַר יָבוֹא וּמִדַּרְכּוֹ יֵצֵא׃
4 וַיְבִיאֵנִי דֶּרֶךְ־שַׁעַר־הַצָּפוֹן אֶל־פְּנֵי הַבַּיִת וָאֵרֶא וְהִנֵּה מָלֵא
ה כְבוֹד־יְהוָה אֶת־בֵּית יְהוָה וָאֶפֹּל אֶל־פָּנָי׃ וַיֹּאמֶר אֵלַי
יְהוָה בֶּן־אָדָם שִׂים לִבְּךָ וּרְאֵה בְעֵינֶיךָ וּבְאָזְנֶיךָ שְּׁמָע אֵת
כָּל־אֲשֶׁר אֲנִי מְדַבֵּר אֹתָךְ לְכָל־חֻקּוֹת בֵּית־יְהוָה וּלְכָל־
תּוֹרֹתָו וְשַׂמְתָּ לִבְּךָ לִמְבוֹא הַבַּיִת בְּכֹל מוֹצָאֵי הַמִּקְדָּשׁ׃
6 וְאָמַרְתָּ אֶל־מֶרִי אֶל־בֵּית יִשְׂרָאֵל כֹּה אָמַר אֲדֹנָי יֱהוִה
7 רַב־לָכֶם מִכָּל־תּוֹעֲבוֹתֵיכֶם בֵּית יִשְׂרָאֵל׃ בַּהֲבִיאֲכֶם בְּנֵי־
נֵכָר עַרְלֵי־לֵב וְעַרְלֵי בָשָׂר לִהְיוֹת בְּמִקְדָּשִׁי לְחַלְּלוֹ אֶת־
בֵּיתִי בְּהַקְרִיבְכֶם אֶת־לַחְמִי חֵלֶב וָדָם וַיָּפֵרוּ אֶת־בְּרִיתִי
8 אֶל כָּל־תּוֹעֲבוֹתֵיכֶם׃ וְלֹא שְׁמַרְתֶּם מִשְׁמֶרֶת קָדָשָׁי
9 וַתְּשִׂימוּן לְשֹׁמְרֵי מִשְׁמַרְתִּי בְּמִקְדָּשִׁי לָכֶם׃ כֹּה־אָמַר
אֲדֹנָי יֱהוִה כָּל־בֶּן־נֵכָר עֶרֶל לֵב וְעֶרֶל בָּשָׂר לֹא יָבוֹא
י אֶל־מִקְדָּשִׁי לְכָל־בֶּן־נֵכָר אֲשֶׁר בְּתוֹךְ בְּנֵי יִשְׂרָאֵל׃ כִּי
אִם־הַלְוִיִּם אֲשֶׁר רָחֲקוּ מֵעָלַי בִּתְעוֹת יִשְׂרָאֵל אֲשֶׁר תָּעוּ
11 מֵעָלַי אַחֲרֵי גִּלּוּלֵיהֶם וְנָשְׂאוּ עֲוֺנָם׃ וְהָיוּ בְמִקְדָּשִׁי מְשָׁרְתִים
פְּקֻדּוֹת אֶל־שַׁעֲרֵי הַבַּיִת וּמְשָׁרְתִים אֶת־הַבָּיִת הֵמָּה
יִשְׁחֲטוּ אֶת־הָעֹלָה וְאֶת־הַזֶּבַח לָעָם וְהֵמָּה יַעַמְדוּ לִפְנֵיהֶם
12 לְשָׁרְתָם׃ יַעַן אֲשֶׁר יְשָׁרְתוּ אוֹתָם לִפְנֵי גִלּוּלֵיהֶם וְהָיוּ
לְבֵית־יִשְׂרָאֵל לְמִכְשׁוֹל עָוֺן עַל־כֵּן נָשָׂאתִי יָדִי עֲלֵיהֶם
13 נְאֻם אֲדֹנָי יֱהוִה וְנָשְׂאוּ עֲוֺנָם׃ וְלֹא־יִגְּשׁוּ אֵלַי לְכַהֵן לִי
וְלָגֶשֶׁת עַל־כָּל־קָדָשַׁי אֶל־קָדְשֵׁי הַקֳּדָשִׁים וְנָשְׂאוּ כְּלִמָּתָם

14 וְתוֹעֲבוֹתָם אֲשֶׁר עָשׂוּ׃ וְנָתַתִּי אוֹתָם שֹׁמְרֵי מִשְׁמֶרֶת
טו הַבָּיִת לְכֹל עֲבֹדָתוֹ וּלְכֹל אֲשֶׁר יֵעָשֶׂה בּוֹ׃ וְהַכֹּהֲנִים
הַלְוִיִּם בְּנֵי צָדוֹק אֲשֶׁר שָׁמְרוּ אֶת־מִשְׁמֶרֶת מִקְדָּשִׁי בִּתְעוֹת
בְּנֵי־יִשְׂרָאֵל מֵעָלַי הֵמָּה יִקְרְבוּ אֵלַי לְשָׁרְתֵנִי וְעָמְדוּ לְפָנַי
16 לְהַקְרִיב לִי חֵלֶב וָדָם נְאֻם אֲדֹנָי יֱהוִה׃ הֵמָּה יָבֹאוּ אֶל־
מִקְדָּשִׁי וְהֵמָּה יִקְרְבוּ אֶל־שֻׁלְחָנִי לְשָׁרְתֵנִי וְשָׁמְרוּ אֶת־
17 מִשְׁמַרְתִּי׃ וְהָיָה בְּבוֹאָם אֶל־שַׁעֲרֵי הֶחָצֵר הַפְּנִימִית בִּגְדֵי
פִשְׁתִּים יִלְבָּשׁוּ וְלֹא־יַעֲלֶה עֲלֵיהֶם צֶמֶר בְּשָׁרְתָם בְּשַׁעֲרֵי
18 הֶחָצֵר הַפְּנִימִית וָבָיְתָה׃ פַּאֲרֵי פִשְׁתִּים יִהְיוּ עַל־רֹאשָׁם
וּמִכְנְסֵי פִשְׁתִּים יִהְיוּ עַל־מָתְנֵיהֶם לֹא יַחְגְּרוּ בַּיָּזַע׃
19 וּבְצֵאתָם אֶל־הֶחָצֵר הַחִיצוֹנָה אֶל־הֶחָצֵר הַחִיצוֹנָה אֶל־
הָעָם יִפְשְׁטוּ אֶת־בִּגְדֵיהֶם אֲשֶׁר־הֵמָּה מְשָׁרְתִם בָּם
וְהִנִּיחוּ אוֹתָם בְּלִשְׁכֹת הַקֹּדֶשׁ וְלָבְשׁוּ בְּגָדִים אֲחֵרִים וְלֹא־
כ יְקַדְּשׁוּ אֶת־הָעָם בְּבִגְדֵיהֶם׃ וְרֹאשָׁם לֹא יְגַלֵּחוּ וּפֶרַע
21 לֹא יְשַׁלֵּחוּ כָּסוֹם יִכְסְמוּ אֶת־רָאשֵׁיהֶם׃ וְיַיִן לֹא־יִשְׁתּוּ
22 כָּל־כֹּהֵן בְּבוֹאָם אֶל־הֶחָצֵר הַפְּנִימִית׃ וְאַלְמָנָה וּגְרוּשָׁה
לֹא־יִקְחוּ לָהֶם לְנָשִׁים כִּי אִם־בְּתוּלֹת מִזֶּרַע בֵּית יִשְׂרָאֵל
23 וְהָאַלְמָנָה אֲשֶׁר־תִּהְיֶה אַלְמָנָה מִכֹּהֵן יִקָּחוּ׃ וְאֶת־עַמִּי
24 יוֹרוּ בֵּין קֹדֶשׁ לְחֹל וּבֵין־טָמֵא לְטָהוֹר יוֹדִעֻם׃ וְעַל־רִיב
הֵמָּה יַעַמְדוּ לְשְׁפֹּט בְּמִשְׁפָּטַי וּשְׁפָטֻהוּ וְאֶת־תּוֹרֹתַי
וְאֶת־חֻקֹּתַי בְּכָל־מוֹעֲדַי יִשְׁמֹרוּ וְאֶת־שַׁבְּתוֹתַי יְקַדֵּשׁוּ׃
כה וְאֶל־מֵת אָדָם לֹא יָבוֹא לְטָמְאָה כִּי אִם־לְאָב וּלְאֵם וּלְבֵן
26 וּלְבַת לְאָח וּלְאָחוֹת אֲשֶׁר־לֹא־הָיְתָה לְאִישׁ יִטַּמָּאוּ׃ וְאַחֲרֵי
27 טָהֳרָתוֹ שִׁבְעַת יָמִים יִסְפְּרוּ־לוֹ׃ וּבְיוֹם בֹּאוֹ אֶל־הַקֹּדֶשׁ
אֶל־הֶחָצֵר הַפְּנִימִית לְשָׁרֵת בַּקֹּדֶשׁ יַקְרִיב חַטָּאתוֹ נְאֻם
28 אֲדֹנָי יֱהוִה׃ וְהָיְתָה לָהֶם לְנַחֲלָה אֲנִי נַחֲלָתָם וַאֲחֻזָּה
29 לֹא־תִתְּנוּ לָהֶם בְּיִשְׂרָאֵל אֲנִי אֲחֻזָּתָם׃ הַמִּנְחָה וְהַחַטָּאת

זאלען לײדען פאר זײערע שאנד אונד פאר זײערע אומװערדיגע מעשׂים װאס זײא האבען געטהון: 14 אבער איך װעל מאכען אז זײא זאלען היטען דיא היטונג פון דעם הויז פאר דעם גאנצען דינסט װאס זאל דארין געטהון װערען: 15 אונד דיא כּהנים דיא לוִים, דיא זיהן פון צדוק, װאס האבען געהיט דיא היטונג פון מײנע הײליגקײטען װען דיא קינדער ישׂראל האבען געאירט פון מיר, זײא זאלען זיך צו מיר גענעהנען, כּדי מיר צו דינען, אונד זײא זאלען שטעהן פאר מיר מקריב צו זײן דאס חלב אונד דאס בלוט, זאגט דער האר גאט: 16 זײא זאלען אַרײנקומען צו מײן בית המקדש, אונד זײא זאלען זיך גענעהנען צו מײן טיש מיר צו דינען, אונד זײא זאלען היטען מײנע היטונג: 17 אונד עס װעט זײן, װען זײא װעלען אַרײנקומען צו דיא טויערן פון דעם אינעװעניגסטען הויף, זאלען זײא זיך אנקלײדען מיט לײנענע קלײדער, אבער קײנע װאל זאל אויף זײא קומען װען זײא דינען אין דיא טויערן פון דעם אינעװעניגסטען הויף אונד (אינעװעניג) אין דעם הויז: 18 זײא זאלען האבען לײנענע היטעל אויף זײער קאפּ, אונד לײנענע הויזען אויף זײערע לענדען, זײא זאלען זיך ניט בעגארטעלן אין דעם װאס מאכט שװיצען: 19 אונד װען זײא געהען ארויס אין דעם אויסעװעניגען הויף, אין דעם אויסעװעניגען הויף צו דעם פאלק, אזוי זאלען זײא אויסטהון זײערע קלײדער מיט װעלכע זײא האבען געדינט, אונד זײא זאלען זײא אנידערלעגען אין דיא הײליגע קאמערן, אונד זײא זאלען זיך אנקלײדען מיט אנדערע קלײדער, כּדי זײא זאלען ניט דאס פאלק הײליגען מיט זײערע קלײדער: 20 אונד זײא זאלען ניט אפּשערען זײער קאפּ, אויך זאלען זײא עס ניט פרײא װאקסען לאזען; זײא זאלען (דיא האר פון) זײערע קעפּ גלײך אפּשערען: 21 אונד קײן כּהן זאל ניט טרינקען װײן װען ער קומט אַרײן אין דעם אינעװעניגסטען הויף: 22 אונד זײא זאלען ניט נעמען פאר א װײב קײנע אלמנה אדער א גרושה, נײערט בתולות פון דיא זרע פון דעם הויזגעזינד פון ישׂראל, אבער אײנע אלמנה װאס װעט זײן אײנע אלמנה פון א כּהן מעגען זײא נעמען: 23 אונד זײא זאלען בעלערען מײן פאלק א צװישענשײד צו מאכען צװישען הײליג אונד אומהײליג, אונד צװישען טמא אונד טהור זאלען זײא זײא בעקאנט מאכען: 24 אונד װעגען א שטרײט זאך זאלען זײא שטעהן צו משפּט'ן, אונד זײא זאלען האלטען מײנע תּורה אונד מײנע געזעץ, אין אלע מײנע ימים טובים זאלען זײא זיך היטען, אונד זײא זאלען הײליגען מײנע שבּתים: 25 אונד זײא זאלען ניט אַרײנקומען צו קײן טויטען מענש זיך מטמא צו זײן, נײערט צו א פאטער אונד צו א מוטער, צו א זוהן אונד צו א טאכטער, צו א ברודער אונד צו א שװעסטער װאס האט נאך קײן מאן, מעגען זײא זיך מטמא זײן: 26 אונד נאכדעם ער איז גערײניגט, זאל ער פאר זיך צײלען זיבען טעג: 27 אונד אין דעם טאג װען ער קומט אַרײן אין דעם בית המקדש, צו דעם אינעװעניגסטען הויף, כּדי צו דינען אין דיא הײליגקײטען, זאל ער מקריב זײן זײן קרבּן חטאת, זאגט דער האר גאט: 28 אונד דאס זאל זײן צו זײא פאר א נחלה,—איך בין זײער נחלה—אונד איהר זאלט צו זײא ניט געבען קײן בעזיץ צװישען דיא ישׂראל, איך בין זײער ירושה: 29 זײא זאלען עסען דאס קרבּן מנחה, דאס קרבּן חטאת

אונד

אונד דאָס קָרְבָּן אָשָׁם, אונד אַלֶעס וָואָס
אײנער וֶועט מַחֲרִים זײַן (אָדער הײליגען)
אין יִשְׂרָאֵל זאָל צו זײא געהערען:
30 אונד דאָס עֶרְשְׁטֶע פון אַלֶע בִּכּוּרִים פון
אַלערלײא גאַטונג, אונד אַלֶע תְּרוּמוֹת פון
אַלֶע אײערע אָפּשײדונגען זאָלען זײַן פאַר
דיא כֹּהֲנִים; אונד דאָס עֶרשטֶע פון
אײער טײג זאָלט איהר געבען צו דעם
כֹּהֵן, כְּדֵי דיא בְּרָכָה זאָל רוהען אויף דײַן
הויז: 31 קײנערלײא נְבֵלָה אָדער טְרֵפָה,
אויב פון אײן עוֹף אָדער פון א בְּהֵמָה,
זאָלען דיא כֹּהֲנִים ניט עֶסֶען:

## קאפיטעל מה

1 אונד וָוען איהר וֶועט גורל וואַרפען
איבער דעם לאַנד עֶס צו צו טְהײלען
אַלְס אַ נַחֲלָה, זאָלט איהר אָפּשײדען אײנע
אָפּשײדונג צו גאָט א חֵלֶק פון דעם
לאַנד פינף אונד צוואַנציג טױזענד ראָהר
לאַנג אונד צעהן טױזענד בְּרײט דאָס
זאָל זײַן הײליג אין דער גאַנצען גרענעץ
רינגס ארום: 2 פון דעם דאָזיגען זאָל
זײַן פאַר דעם הײליגטום פינף הונדערט
ראָהר בײא פינף הונדערט, פיער עֶקידיג רינגס אַרום, אונד פופציג אײלען רינגס ארום פאַר
א פְרײען אָרט: 3 אונד פון דעם דאָזיגען מָאָס זאָלסט דוא מֶעסטֶען, דיא לענג פינף אונד
צוואַנציג טױזענד אײלען, אונד דיא בְּרײט צעהן טױזענד, אונד אויף דעם זאָל זײַן
דאָס בֵּית הַמִּקְדָּשׁ מיט דעם קָדְשֵׁי קָדָשִׁים: 4 דאָס הײליגע פון דעם לאַנד זאָל זײַן
פאַר דיא כֹּהֲנִים וָואָס דינען אין דעם בֵּית הַמִּקְדָּשׁ, וָואָס זאָלען זיך גענעהענען גאָט צו
דינען, אונד עֶס זאָל זײַן אײן אָרט פאַר זײא פאַר הײזער, אונד א הײליגטום פאַר דעם
בֵּית הַמִּקְדָּשׁ: 5 אונד פינף אונד צוואַנציג טױזענד לאַנג אונד צעהן טױזענד בְּרײט,
זאָל זײַן פאַר דיא לְוִיִּם וָואָס דינען אין דעם הויז, עֶס זאָל זײַן זײערע יְרוּשָׁה, פאַר צוואַנציג
קאַמערן: 6 אונד איהר זאָלט געבען אַלְס בעזיץ פון דער שְׁטָאָט פינף טױזענד דיא
בְּרײט אונד פינף אונד צוואַנציג טױזענד דיא לענג, קעגענאיבער פון דער הײליגען
אָפּשײדונג, דאָס זאָל זײַן פאַר דעם גאַנצען הויזגעזינד פון יִשְׂרָאֵל: 7 אונד
פאַר דעם נָשִׂיא זאָל זײַן א חֵלֶק פון דיא זײט אונד פון יענער זײט פון
דער הײליגע אָפּשײדונג, אונד פון דער יְרוּשָׁה פון דער שְׁטָאָט, פאַר
דער הײליגען אָפּשײדונג, אונד פאַר דער יְרוּשָׁה פון דער שְׁטָאָט פון דער מַעֲרָב-
זײט קעגען מַעֲרָב, אונד פון דער מִזְרַח-זײט קעגען מִזְרַח, אונד דיא לענג קעגַ-
גענאיבער אײנעם פון דיא חֲלָקִים פון דער מַעֲרָב-גרענעץ ביז צו דער מִזְרַח-
גרענעץ: 8 אין דעם לאַנד זאָל צו איהם זײַן א יְרוּשָׁה צווישען יִשְׂרָאֵל, כְּדֵי
מײנע נְשִׂיאִים זאָלען ניט מעהר אונטערדריקען מײַן פאָלק, אונד דאָס איבריגע
לאַנד זאָלען זײא געבען צו דעם הויזגעזינד פון יִשְׂרָאֵל נאָך זײערע שְׁבָטִים:
9 אַזוֹי זאָגט דער האַר גאָט, עֶס איז שוין גענוג צו אײך, אוי איהר נְשִׂיאִים פון
יִשְׂרָאֵל! טְהוּט אַוֶועק גְזֵלוֹת אונד רויבונג, אונד טְהוּט מִשְׁפָּט אונד גערעכטיג-
קײט, הֶעבּט אַוֶועק אײערע פֶערטרײבונגען פון מײַן פאָלק, זאָגט דער האַר גאָט:
10 איהר זאָלט האָבען ריכטיגע וָואגשאָלען, אונד א ריכטיגע אֵיפָה,

וְהָאָשָׁם הֵמָּה יֹאכְלוּם וְכָל־חֵרֶם בְּיִשְׂרָאֵל לָהֶם יִהְיֶה׃
ל וְרֵאשִׁית כָּל־בִּכּוּרֵי כֹל וְכָל־תְּרוּמַת כֹּל מִכֹּל תְּרוּמוֹתֵיכֶם
לַכֹּהֲנִים יִהְיֶה וְרֵאשִׁית עֲרִסוֹתֵיכֶם תִּתְּנוּ לַכֹּהֵן לְהָנִיחַ
31 בְּרָכָה אֶל־בֵּיתֶךָ׃ כָּל־נְבֵלָה וּטְרֵפָה מִן־הָעוֹף וּמִן־
הַבְּהֵמָה לֹא יֹאכְלוּ הַכֹּהֲנִים׃

מה

א וּבְהַפִּילְכֶם אֶת־הָאָרֶץ בְּנַחֲלָה תָּרִימוּ תְרוּמָה לַיהוָה ׀
קֹדֶשׁ מִן־הָאָרֶץ אֹרֶךְ חֲמִשָּׁה וְעֶשְׂרִים אֶלֶף אֹרֶךְ וְרֹחַב
2 עֲשָׂרָה אָלֶף קֹדֶשׁ־הוּא בְכָל־גְּבוּלָהּ סָבִיב׃ יִהְיֶה מִזֶּה
אֶל־הַקֹּדֶשׁ חֲמֵשׁ מֵאוֹת בַּחֲמֵשׁ מֵאוֹת מְרֻבָּע סָבִיב
3 וַחֲמִשִּׁים אַמָּה מִגְרָשׁ לוֹ סָבִיב׃ וּמִן־הַמִּדָּה הַזֹּאת תָּמוֹד
אֹרֶךְ חֲמִשָּׁה וְעֶשְׂרִים אֶלֶף וְרֹחַב עֲשֶׂרֶת אֲלָפִים וּבוֹ־יִהְיֶה
4 הַמִּקְדָּשׁ קֹדֶשׁ קֳדָשִׁים׃ קֹדֶשׁ מִן־הָאָרֶץ הוּא לַכֹּהֲנִים
מְשָׁרְתֵי הַמִּקְדָּשׁ יִהְיֶה הַקְּרֵבִים לְשָׁרֵת אֶת־יְהוָה וְהָיָה
ה לָהֶם מָקוֹם לְבָתִּים וּמִקְדָּשׁ לַמִּקְדָּשׁ׃ וַחֲמִשָּׁה וְעֶשְׂרִים
אֶלֶף אֹרֶךְ וַעֲשֶׂרֶת אֲלָפִים רֹחַב יִהְיֶה לַלְוִיִּם מְשָׁרְתֵי
6 הַבַּיִת לָהֶם לַאֲחֻזָּה עֶשְׂרִים לְשָׁכֹת׃ וַאֲחֻזַּת הָעִיר תִּתְּנוּ
חֲמֵשֶׁת אֲלָפִים רֹחַב וְאֹרֶךְ חֲמִשָּׁה וְעֶשְׂרִים אֶלֶף לְעֻמַּת
7 תְּרוּמַת הַקֹּדֶשׁ לְכָל־בֵּית יִשְׂרָאֵל יִהְיֶה׃ וְלַנָּשִׂיא מִזֶּה
וּמִזֶּה לִתְרוּמַת הַקֹּדֶשׁ וְלַאֲחֻזַּת הָעִיר אֶל־פְּנֵי תְרוּמַת
הַקֹּדֶשׁ וְאֶל־פְּנֵי אֲחֻזַּת הָעִיר מִפְּאַת־יָם יָמָּה וּמִפְּאַת
קֵדְמָה קָדִימָה וְאֹרֶךְ לְעֻמּוֹת אַחַד הַחֲלָקִים מִגְּבוּל יָם
8 אֶל־גְּבוּל קָדִימָה׃ לָאָרֶץ יִהְיֶה־לּוֹ לַאֲחֻזָּה בְּיִשְׂרָאֵל וְלֹא־
יוֹנוּ עוֹד נְשִׂיאַי אֶת־עַמִּי וְהָאָרֶץ יִתְּנוּ לְבֵית־יִשְׂרָאֵל
9 לְשִׁבְטֵיהֶם׃ כֹּה־אָמַר אֲדֹנָי יְהוִה רַב־לָכֶם נְשִׂיאֵי
יִשְׂרָאֵל חָמָס וָשֹׁד הָסִירוּ וּמִשְׁפָּט וּצְדָקָה עֲשׂוּ הָרִימוּ
י גְרֻשֹׁתֵיכֶם מֵעַל עַמִּי נְאֻם אֲדֹנָי יְהוִה׃ מֹאזְנֵי־צֶדֶק וְאֵיפַת־

11 צֶדֶק וּבַת־צֶדֶק יְהִי לָכֶם: הָאֵיפָה וְהַבַּת תֹּכֶן אֶחָד יִהְיֶה
לָשֵׂאת מַעְשַׂר הַחֹמֶר הַבָּת וַעֲשִׂירִת הַחֹמֶר הָאֵיפָה אֶל־
12 הַחֹמֶר יִהְיֶה מַתְכֻּנְתּוֹ: וְהַשֶּׁקֶל עֶשְׂרִים גֵּרָה עֶשְׂרִים
שְׁקָלִים חֲמִשָּׁה וְעֶשְׂרִים שְׁקָלִים עֲשָׂרָה וַחֲמִשָּׁה שֶׁקֶל
13 הַמָּנֶה יִהְיֶה לָכֶם: זֹאת הַתְּרוּמָה אֲשֶׁר תָּרִימוּ שִׁשִּׁית
הָאֵיפָה מֵחֹמֶר הַחִטִּים וְשִׁשִּׁיתֶם הָאֵיפָה מֵחֹמֶר הַשְּׂעֹרִים:
14 וְחֹק הַשֶּׁמֶן הַבַּת הַשֶּׁמֶן מַעְשַׂר הַבַּת מִן־הַכֹּר עֲשֶׂרֶת
טו הַבַּתִּים חֹמֶר כִּי־עֲשֶׂרֶת הַבַּתִּים חֹמֶר: וְשֶׂה־אַחַת מִן־
הַצֹּאן מִן־הַמָּאתַיִם מִמַּשְׁקֵה יִשְׂרָאֵל לְמִנְחָה וּלְעוֹלָה
16 וְלִשְׁלָמִים לְכַפֵּר עֲלֵיהֶם נְאֻם אֲדֹנָי יֱהֹוִה: כֹּל הָעָם
17 הָאָרֶץ יִהְיוּ אֶל־הַתְּרוּמָה הַזֹּאת לַנָּשִׂיא בְּיִשְׂרָאֵל: וְעַל־
הַנָּשִׂיא יִהְיֶה הָעוֹלוֹת וְהַמִּנְחָה וְהַנֵּסֶךְ בַּחַגִּים וּבֶחֳדָשִׁים
וּבַשַּׁבָּתוֹת בְּכָל־מוֹעֲדֵי בֵּית יִשְׂרָאֵל הוּא־יַעֲשֶׂה אֶת־
הַחַטָּאת וְאֶת־הַמִּנְחָה וְאֶת־הָעוֹלָה וְאֶת־הַשְּׁלָמִים לְכַפֵּר
18 בְּעַד בֵּית־יִשְׂרָאֵל: כֹּה־אָמַר אֲדֹנָי יֱהֹוִה בָּרִאשׁוֹן
בְּאֶחָד לַחֹדֶשׁ תִּקַּח פַּר־בֶּן־בָּקָר תָּמִים וְחִטֵּאתָ אֶת־
19 הַמִּקְדָּשׁ: וְלָקַח הַכֹּהֵן מִדַּם הַחַטָּאת וְנָתַן אֶל־מְזוּזַת
הַבַּיִת וְאֶל־אַרְבַּע פִּנּוֹת הָעֲזָרָה לַמִּזְבֵּחַ וְעַל־מְזוּזַת שַׁעַר
כ הֶחָצֵר הַפְּנִימִית: וְכֵן תַּעֲשֶׂה בְּשִׁבְעָה בַחֹדֶשׁ מֵאִישׁ
21 שֹׁגֶה וּמִפֶּתִי וְכִפַּרְתֶּם אֶת־הַבָּיִת: בָּרִאשׁוֹן בְּאַרְבָּעָה
עָשָׂר יוֹם לַחֹדֶשׁ יִהְיֶה לָכֶם הַפָּסַח חַג שְׁבֻעוֹת יָמִים
22 מַצּוֹת יֵאָכֵל: וְעָשָׂה הַנָּשִׂיא בַּיּוֹם הַהוּא בַּעֲדוֹ וּבְעַד כָּל־
23 עַם הָאָרֶץ פַּר חַטָּאת: וְשִׁבְעַת יְמֵי־הֶחָג יַעֲשֶׂה עוֹלָה
לַיהֹוָה שִׁבְעַת פָּרִים וְשִׁבְעַת אֵילִים תְּמִימִם לַיּוֹם שִׁבְעַת
24 הַיָּמִים וְחַטָּאת שְׂעִיר עִזִּים לַיּוֹם: וּמִנְחָה אֵיפָה לַפָּר
כה וְאֵיפָה לָאַיִל יַעֲשֶׂה וְשֶׁמֶן הִין לָאֵיפָה: בַּשְּׁבִיעִי בַּחֲמִשָּׁה

אוּנְד אַ רִיכְטִיגֶעם בַּת: 11 דִּיא אֵיפָה אוּנְד בַּת זָאלֶען זַיין פוּן אֵיינֶערְלַייא (רִיכְטִיגֶעם מָאס), אַז דָאס בַּת זָאל הַאלְטֶען דֶעם צֶעהֶנְטֶען טֵייל פוּן דֶעם חֹמֶר, אוּנְד אֵיינֶע אֵיפָה דֶעם צֶעהֶנְטֶען טֵייל פוּן דֶעם חֹמֶר, נָאךְ דֶעם חֹמֶר נָאךְ זָאל זַיין דָאס מָאס דֶערְפוּן: 12 אוּנְד דֶער שֶׁקֶל זָאל הָאבֶּען צְוַואנְצִיג גֵּרָה, צְוַואנְצִיג שְׁקָלִים, פִינְף אוּנְד צְוַואנְצִיג שְׁקָלִים, פוּפְצֶעהְן שְׁקָלִים זָאל צוּ אֵייךְ זַיין דֶער מָנֶה: 13 דָאס אִיז דִיא תְּרוּמָה וָואס אִיהְר זָאלְט אָפְּשֵׁיידֶען, אַ זֶעקְסְטֶעל אֵיפָה פוּן דֶעם חֹמֶר װֵייץ, אוּנְד אַ זֶעקְסְטֶעל אֵיפָה פוּן דֶעם חֹמֶר גֶערְשְׁט: 14 אוּנְד דָאס גֶעזֶעץ פוּן װֶעגֶען דֶעם בּוֹימְעֶהְל, דָאס בַּת פוּן דֶעם בּוֹימְעֶהְל, דָאס בַּת אִיז אַ אֵיין צֶעהֶנְטֶעל פוּן דֶעם כֹּר, צֶעהְן בַּת הַאלְט אַ חֹמֶר—וָוארִין צֶעהְן בַּת אִיז אֵיין חֹמֶר: 15 אוּנְד אֵיין לֶעמֶעלֶע פוּן דִיא שָׁאף, פוּן צְװֵייא הוּנְדֶערְט, פוּן דִיא בֶּעסְטֶע װֵייד־דֶע פוּן יִשְׂרָאֵל, פַאר אַ קָרְבָּן מִנְחָה אוּנְד פַאר אַ קָרְבָּן עוֹלָה אוּנְד פַאר שְׁלָמִים, כְּדֵי פַאר זֵייא מְכַפֵּר צוּ זַיין, זָאגְט דֶער הַאר גָאט: 16 דָאס גַאנְצֶע פָאלְק פוּן דֶעם לַאנְד זָאל מְחוּיָב זַיין צוּ גֶעבֶּען דִיא דָאזִיגֶע תְּרוּמָה צוּ דֶעם נָשִׂיא פוּן יִשְׂרָאֵל: 17 אוּנְד עֶס זָאל זַיין דֶעם נָשִׂיא׳ס חֵלֶק מַקְרִיב צוּ זַיין דִיא קָרְבָּן עוֹלוֹת אוּנְד מִנְחָה אוּנְד דָאס קָרְבָּן נֶסֶךְ, אָן דִיא יָמִים טוֹבִים אוּנְד דִיא חֳדָשִׁים אוּנְד שַׁבָּתִים, אִין אַלֶע יָמִים טוֹבִים פוּן דֶעם הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן יִשְׂרָאֵל, זָאל עֶר מַקְרִיב זַיין דָאס קָרְבָּן חַטָּאת אוּנְד דָאס קָרְבָּן מִנְחָה אוּנְד דָאס קָרְבָּן עוֹלָה אוּנְד דִיא שְׁלָמִים כְּדֵי מְכַפֵּר צוּ זַיין װֶעגֶען דֶעם הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן יִשְׂרָאֵל: 18 אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר גָאט, אִין דֶעם עֶרְשְׁטֶען חֹדֶשׁ, אִין דֶעם עֶרְשְׁטֶען טָאג פוּן דֶעם חֹדֶשׁ זָאלְסְט דוּא נֶעמֶען אַ יוּנְגֶען אָקְס אָהְן אַ פֶעהְלֶער, אוּנְד דוּא זָאלְסְט רֵיינִיגֶען דָאס בֵּית הַמִּקְדָּשׁ: 19 אוּנְד דֶער כֹּהֵן זָאל נֶעמֶען פוּן דֶעם בְּלוּט פוּן דֶעם קָרְבָּן חַטָּאת אוּנְד עֶר זָאל דָאס גֶעבֶּען אוֹיף דִיא בֵּייטְשְׁטִידְלֶעךְ (מְזוּזוֹת) פוּן דֶעם הוֹיז, אוּנְד אוֹיף דִיא פִיעֶר װִינְקֶעל פוּן דֶער עֲזָרָה פוּן דֶעם מִזְבֵּחַ, אוּנְד אוֹיף דִיא מְזוּזוֹת פוּן דֶעם טוֹיעֶר פוּן דֶעם אִינֶעװֶענִיגְסְטֶען הוֹיף: 20 אוּנְד אַזוֹי זָאלְסְט דוּא אוֹיךְ טְהוּן אִין דֶעם זִיבֶּעטֶען טָאג פוּן חֹדֶשׁ, פוּן װֶעגֶען דֶעם וָואס הָאט גֶעאִירְט, אוּנְד פַאר דֶעם וָואס אִיז פֶערְפִיהְרְט גֶעוָוארֶען צוּ זִינְדִיגֶען, אוּנְד אַזוֹי זָאלְט אִיהְר רֵיינִיגֶען דָאס בֵּית הַמִּקְדָּשׁ: 21 אִין דֶעם פִירְצֶעהְנְטֶען טָאג פוּן דֶעם עֶרְשְׁטֶען חֹדֶשׁ זָאל צוּ אֵייךְ זַיין פֶּסַח, אַ יוֹם טוֹב פוּן זִיבֶּען טֶעג, אִיהְר זָאלְט עֶסֶען מַצּוֹת: 22 אוּנְד דֶער נָשִׂיא זָאל אַן דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען טָאג מַקְרִיב זַיין פַאר זִיךְ אוּנְד פַאר דֶעם גַאנְצֶען פָאלְק פוּן דֶעם לַאנְד אֵיין אָקְס פַאר אַ קָרְבָּן חַטָּאת: 23 אוּנְד דִיא זִיבֶּען טֶעג פוּן יוֹם טוֹב זָאל עֶר מַקְרִיב זַיין אַ קָרְבָּן עוֹלָה צוּ דֶעם הַאר, זִיבֶּען אָקְסֶען אוּנְד זִיבֶּען װִידֶער אָהְן אַ פֶעהְלֶער, אִיטְלִיכֶען פוּן דִיא זִיבֶּען טֶעג, אוּנְד אוֹיךְ פַאר אַ קָרְבָּן חַטָּאת אַ צִיגֶען־בֶּעקֶעלֶע אִיטְלִיכֶען טָאג: 24 אוּנְד אַלְס אַ מִנְחָה זָאל עֶר מַקְרִיב זַיין אֵיין אֵיפָה צוּ אֵיין אָקְס אוּנְד אֵיין אֵיפָה צוּ אֵיין װִידֶער, אוּנְד אֵיין הִין עֶהְל צוּ אֵיין אֵיפָה: 25 אַן דֶעם פוּפְצֶעהְנְטֶען טָאג פוּן דֶעם זִיבֶּעטֶען חֹדֶשׁ,

אִין

אִין דֶעם יוֹם טוֹב (סֻכּוֹת) זָאל עֶר טְהוּן
אַזוֹי וִויא דִיא דָאזִיגֶע זִיבֶּען טֶעג, אַזוֹי
וִויא דָאס קָרְבָּן חַטָּאת, אַזוֹי וִויא דָאס
קָרְבָּן עוֹלָה אוּנְד וִויא דָאס קָרְבָּן מִנְחָה,
אוּנְד אַזוֹי וִויא דָאס בּוֹימְעֶהְל:

קאפיטעל מו

1 אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר גָאט, דָאס טוֹיעֶר
פוּן דֶעם אִינֶעוֶוענִיגְסְטֶען הוֹיף, וָואס
קֶעהְרְט זִיךְ צוּ מִזְרַח־זַייט זָאל זַיין פֶערְ־
שְׁלָאסֶען דִיא זֶעקְס־אַרְבֵּייטְס־טֶעג, אָבֶּער
אַם שַׁבָּת זָאל עֶס אוֹיפְגֶעמַאכְט וֶוערֶען,
אוּנְד אַם רֹאשׁ חֹדֶשׁ זָאל עֶס אוֹיךְ
אוֹיפְגֶעמַאכְט וֶוערֶען: 2 אוּנְד דֶער נָשִׂיא
זָאל אַרֵיינְקוּמֶען אוֹיף דֶעם וֶועג פוּן דֶער
הַאלֶע דוּרְךְ דֶעם טוֹיעֶר פוּן דְרוֹיסֶען,
אוּנְד עֶר זָאל שְׁטֶעהְן בַּייא דֶער מְזוּזָה
פוּן דֶעם טוֹיעֶר, אוּנְד דִיא כֹּהֲנִים זָאלֶען
מַקְרִיב זַיין זַיין קָרְבָּן עוֹלָה אוּנְד קָרְבָּן
שְׁלָמִים, אוּנְד עֶר זָאל זִיךְ בִּיקֶען אוֹיף
דֶער שְׁוֶועל פוּן דֶעם טוֹיעֶר, אוּנְד דֶערְ־
נָאךְ זָאל עֶר אַרוֹיסְגֶעהְן, אוּנְד דָאס טוֹיעֶר
זָאל נִיט צוּגֶעשְׁלָאסֶען וֶוערֶען בִּיז
אָבֶענְד: 3 אוּנְד דָאס פָאלְק פוּן דֶעם
לַאנְד זָאל זִיךְ בִּיקֶען אַן דֶער טִיעֶר פוּן
דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען טוֹיעֶר, אַן דִיא שַׁבָּתִים
אוּנְד דִיא רָאשֵׁי חֳדָשִׁים פָאר דֶעם הַאר: 4 אוּנְד דָאס קָרְבָּן עוֹלָה וָואס דֶער נָשִׂיא וֶועט
מַקְרִיב זַיין צוּ דֶעם הַאר אַן דֶעם שַׁבָּת טָאג, זָאל זַיין זֶעקְס לֶעמֶער אָהְן אַ פֶעהְלֶער,
אוּנְד אֵיין וִוידֶער אָהְן אַ פֶעהְלֶער: 5 אוּנְד פַאר אַ קָרְבָּן מִנְחָה—אֵיין אֵיפָה (מֶעהְל)
צוּ אֵיין וִוידֶער, אוּנְד צוּ דִיא לֶעמֶער אַ קָרְבָּן מִנְחָה לוֹיט זַיין פֶערְמֶעגֶען, אוּנְד אֵיין הִין
בּוֹימְעֶהְל צוּ אֵיין אֵיפָה (מֶעהְל): 6 אוּנְד אַן דֶעם רֹאשׁ חֹדֶשׁ טָאג (זָאל עֶר מַקְרִיב זַיין)
אַ יוּנְגֶען אָקְס אָהְן אַ פֶעהְלֶער, אוּנְד זֶעקְס לֶעמֶער אוּנְד אֵיין וִוידֶער, זַייא זָאלֶען זַיין
אָהְן אַ פֶעהְלֶער: 7 אוּנְד אֵיין אֵיפָה (מֶעהְל) פַאר אֵיין אָקְס, אוּנְד אֵיין אֵיפָה פַאר אֵיין
וִוידֶער זָאל עֶר מַקְרִיב זַיין פַאר אַ קָרְבָּן מִנְחָה, אוּנְד פַאר דִיא לֶעמֶער נָאךְ זַיין פֶערְ־
מֶעגֶען, אוּנְד אַ הִין בּוֹימְעֶהְל צוּ אֵיין אֵיפָה (מֶעהְל): 8 אוּנְד וֶוען דֶער נָשִׂיא קוּמְט
אַרֵיין אַזוֹי זָאל עֶר אַרֵיינְקוּמֶען דוּרְךְ דֶעם טוֹיעֶר אוֹיף דֶעם וֶועג פוּן דֶער הַאלֶע, אוּנְד
דוּרְךְ דֶעמְזֶעלְבֶּען וֶועג זָאל עֶר אַרוֹיסְגֶעהְן: 9 אוּנְד וֶוען דָאס פָאלְק פוּן דֶעם לַאנְד קוּמְט אַרֵיין
פָאר גָאט אַן דִיא יָמִים טוֹבִים — דֶער וָואס וֶועט קוּמֶען אוֹיף דֶעם וֶועג דוּרְךְ דֶעם טוֹיעֶר
פוּן צָפוֹן־זַייט כְּדֵי זִיךְ צוּ בִּיקֶען, דֶער זָאל אַרוֹיסְגֶעהְן אוֹיף דֶעם וֶועג דוּרְךְ דֶעם טוֹיעֶר פוּן
דָרוֹם־זַייט, אוּנְד דֶער וָואס קוּמְט אוֹיף דֶעם וֶועג פוּן דֶעם טוֹיעֶר אוֹיף דָרוֹם־זַייט זָאל
אַרוֹיסְגֶעהְן דוּרְךְ דֶעם טוֹיעֶר אוֹיף צָפוֹן־זַייט— עֶר זָאל זִיךְ נִיט צוּרִיקְקֶעהְרֶען אוֹיף דֶעם
וֶועג פוּן דֶעם טוֹיעֶר דוּרְךְ וֶועלְכֶעם עֶר אִיז אַרֵיינְגֶעקוּמֶען, נֵייעֶרְט קֶעגֶענְאִיבֶּער זָאל עֶר
אַרוֹיסְגֶעהְן: 10 אָבֶּער דֶער נָשִׂיא וָואס אִיז צְוִוישֶׁען זֵייא, וֶוען זֵייא קוּמֶען אַרֵיין זָאל עֶר אוֹיךְ
אַרֵיינְקוּמֶען, אוּנְד וֶוען זֵייא גֶעהֶען אַרוֹיס זָאל עֶר אוֹיךְ אַרוֹיסְגֶעהְן: 11 אוּנְד אִין דִיא
פֵייעֶרְטֶעג אוּנְד יָמִים טוֹבִים זָאל זַיין דָאס קָרְבָּן מִנְחָה אֵיין אֵיפָה צוּ אֵיין אָקְס, אוּנְד אֵיין
אֵיפָה צוּ אַ וִוידֶער, אוּנְד צוּ דִיא לֶעמֶער לוֹיט זַיין פֶערְמֶעגֶען, אוּנְד אַ הִין בּוֹימְעֶהְל צוּ אֵיין
אֵיפָה (מֶעהְל): 12 אוּנְד וֶוען דֶער נָשִׂיא וֶועט מַקְרִיב זַיין צוּ דֶעם הַאר, אַ קָרְבָּן עוֹלָה אָדֶער
שְׁלָמִים אַלְס נְדָבָה, אַזוֹי זָאל מֶען אִיהְם אוֹיפְמַאכֶען דִיא טִיעֶר פוּן דֶעם טוֹיעֶר וָואס קֶעהְרְט
זִיךְ צוּ מִזְרַח־זַייט, אוּנְד עֶר זָאל מַקְרִיב זַיין זַיין קָרְבָּן עוֹלָה אוּנְד זַיין שְׁלָמִים אַזוֹי וִויא מֶען
טְהוּט אַן דֶעם שַׁבָּת טָאג, אוּנְד וֶוען עֶר אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען זָאל מֶען צוּשְׁלִיסֶען דָאס טוֹיְ־
עֶר נָאכְדֶעם אַז עֶר אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען: 13 אוּנְד עֶר זָאל מַקְרִיב זַיין צוּ דֶעם הַאר אֵיין
לַאם אֵיין יָאהְר אַלְט, אָהְן אַ פֶעהְלֶער אַלְס קָרְבָּן עוֹלָה אִיטְלִיכֶען טָאג, אַלֶע פְרִיהְמָארְגֶען זָאל
עֶר עֶס מַקְרִיב זַיין: 14 אוּנְד דוּא זָאלְסְט דֶערְמִיט אִיטְלִיכֶען מָארְגֶען מַקְרִיב זַיין אַ קָרְבָּן מִנְחָה

עָשָׂר יוֹם לַחֹדֶשׁ בֶּחָג יַעֲשֶׂה כָאֵלֶּה שִׁבְעַת הַיָּמִים כַּחַטָּאת כה
כָּעֹלָה וְכַמִּנְחָה וְכַשָּׁמֶן:

מו

כֹּה־אָמַר אֲדֹנָי יְהוִה שַׁעַר הֶחָצֵר הַפְּנִימִית הַפֹּנֶה קָדִים א
יִהְיֶה סָגוּר שֵׁשֶׁת יְמֵי הַמַּעֲשֶׂה וּבְיוֹם הַשַּׁבָּת יִפָּתֵחַ וּבְיוֹם
הַחֹדֶשׁ יִפָּתֵחַ: וּבָא הַנָּשִׂיא דֶּרֶךְ אוּלָם הַשַּׁעַר מִחוּץ וְעָמַד 2
עַל־מְזוּזַת הַשַּׁעַר וְעָשׂוּ הַכֹּהֲנִים אֶת־עוֹלָתוֹ וְאֶת־שְׁלָמָיו
וְהִשְׁתַּחֲוָה עַל־מִפְתַּן הַשַּׁעַר וְיָצָא וְהַשַּׁעַר לֹא־יִסָּגֵר עַד־
הָעָרֶב: וְהִשְׁתַּחֲווּ עַם־הָאָרֶץ פֶּתַח הַשַּׁעַר הַהוּא בַּשַּׁבָּתוֹת 3
וּבֶחֳדָשִׁים לִפְנֵי יְהוָה: וְהָעֹלָה אֲשֶׁר־יַקְרִב הַנָּשִׂיא לַיהוָה 4
בְּיוֹם הַשַּׁבָּת שִׁשָּׁה כְבָשִׂים תְּמִימִם וְאַיִל תָּמִים: וּמִנְחָה ה
אֵיפָה לָאַיִל וְלַכְּבָשִׂים מִנְחָה מַתַּת יָדוֹ וְשֶׁמֶן הִין לָאֵיפָה:
וּבְיוֹם הַחֹדֶשׁ פַּר בֶּן־בָּקָר תְּמִימִם וְשֵׁשֶׁת כְּבָשִׂים וָאַיִל 6
תְּמִימִם יִהְיוּ: וְאֵיפָה לַפָּר וְאֵיפָה לָאַיִל יַעֲשֶׂה מִנְחָה 7
וְלַכְּבָשִׂים כַּאֲשֶׁר תַּשִּׂיג יָדוֹ וְשֶׁמֶן הִין לָאֵיפָה: וּבְבוֹא 8
הַנָּשִׂיא דֶּרֶךְ אוּלָם הַשַּׁעַר יָבוֹא וּבְדַרְכּוֹ יֵצֵא: וּבְבוֹא עַם־ 9
הָאָרֶץ לִפְנֵי יְהוָה בַּמּוֹעֲדִים הַבָּא דֶּרֶךְ שַׁעַר צָפוֹן
לְהִשְׁתַּחֲוֹת יֵצֵא דֶּרֶךְ־שַׁעַר נֶגֶב וְהַבָּא דֶּרֶךְ־שַׁעַר נֶגֶב יֵצֵא
דֶּרֶךְ־שַׁעַר צָפוֹנָה לֹא יָשׁוּב דֶּרֶךְ הַשַּׁעַר אֲשֶׁר־בָּא בוֹ כִּי
נִכְחוֹ יֵצְאוּ: וְהַנָּשִׂיא בְּתוֹכָם בְּבוֹאָם יָבוֹא וּבְצֵאתָם יֵצֵאוּ: י
וּבַחַגִּים וּבַמּוֹעֲדִים תִּהְיֶה הַמִּנְחָה אֵיפָה לַפָּר וְאֵיפָה לָאַיִל 11
וְלַכְּבָשִׂים מַתַּת יָדוֹ וְשֶׁמֶן הִין לָאֵיפָה: וְכִי־יַעֲשֶׂה הַנָּשִׂיא 12
נְדָבָה עוֹלָה אוֹ־שְׁלָמִים נְדָבָה לַיהוָה וּפָתַח לוֹ אֶת־הַשַּׁעַר
הַפֹּנֶה קָדִים וְעָשָׂה אֶת־עֹלָתוֹ וְאֶת־שְׁלָמָיו כַּאֲשֶׁר יַעֲשֶׂה
בְּיוֹם הַשַּׁבָּת וְיָצָא וְסָגַר אֶת־הַשַּׁעַר אַחֲרֵי צֵאתוֹ: וְכֶבֶשׂ 13
בֶּן־שְׁנָתוֹ תָּמִים תַּעֲשֶׂה עוֹלָה לַיּוֹם לַיהוָה בַּבֹּקֶר בַּבֹּקֶר
תַּעֲשֶׂה אֹתוֹ: וּמִנְחָה תַעֲשֶׂה עָלָיו בַּבֹּקֶר בַּבֹּקֶר שִׁשִּׁית 14

איין

האיפה ושמן שלישית ההין לרס את־הסלת מנחה ליהוה
טו חקות עולם תמיד׃ ועשו את־הכבש ואת־המנחה ואת־
16 השמן בבקר בבקר עולת תמיד׃ כה־אמר אדני
יהוה כי־יתן הנשיא מתנה לאיש מבניו נחלתו היא לבניו
17 תהיה אחזתם היא בנחלה׃ וכי־יתן מתנה מנחלתו לאחד
מעבדיו והיתה לו עד־שנת הדרור ושבת לנשיא אך
18 נחלתו בניו להם תהיה׃ ולא־יקח הנשיא מנחלת העם
להונתם מאחזתם מאחזתו ינחל את־בניו למען אשר לא־
19 יפצו עמי איש מאחזתו׃ ויביאני במבוא אשר על־כתף
השער אל־הלשכות הקדש אל־הכהנים הפנות צפונה
כ והנה־שם מקום בירכתם ימה׃ ויאמר אלי זה המקום
אשר יבשלו־שם הכהנים את־האשם ואת־החטאת אשר
יאפו את־המנחה לבלתי הוציא אל־החצר החיצונה
21 לקדש את־העם׃ ויוציאני אל־החצר החיצנה ויעבירני
אל־ארבעת מקצועי החצר והנה חצר במקצע החצר חצר
22 במקצע החצר׃ בארבעת מקצעות החצר חצרות קטרות
ארבעים ארך ושלשים רחב מדה אחת לארבעתם
23 מהקצעות׃ וטור סביב בהם סביב לארבעתם ומבשלות
24 עשוי מתחת הטירות סביב׃ ויאמר אלי אלה בית
המבשלים אשר יבשלו־שם משרתי הבית את־זבח העם׃

## מז

מז
א וישבני אל־פתח הבית והנה־מים יצאים מתחת מפתן
הבית קדימה כי־פני הבית קדים והמים ירדים מתחת
2 מכתף הבית הימנית מנגב למזבח׃ ויוציאני דרך־שער
צפונה ויסבני דרך חוץ אל־שער החוץ דרך הפונה קדים
3 והנה־מים מפכים מן־הכתף הימנית׃ בצאת־האיש קדים
וקו בידו וימד אלף באמה ויעברני במים מי אפסים׃

איין זעקסטעל איפה מעהל אונד א דריטעל הין עהל צו מישען מיט דעם מעהל, דאס זאל זיין דאס קרבן מנחה צו דעם האר, דאס זאל זיין בעשטענדיג איין עביגעס געזעץ: 15 אונד אויף אזא אן אופן זאל מען צובערייטען דאס לאם, אונד דאס קרבן מנחה אונד דאס בוימעהל איטליכען פריהמארגען פאר איין בעשטענדיגעס קרבן עולה: 16 אזוי זאגט דער האר גאט, ווען דער נשיא וועט געבען א מתנה צו איינעם פון זיינע זיהן, דאס זאל זיין צו זיינע זיהן אלס נחלה, עס זאל זיין זייער איינגענטהום דורך דיא נחלה: 17 אונד ווען ער וועט געבען א מתנה פון זיין נחלה צו איינעם פון זיינע קנעכט, אזוי זאל עס צו איהם געהערען ביז צו דעם פרייא־יאהר, אונד דערנאך זאל עס צוריקגעקעהרט ווערען צו דעם נשיא, אבער זיין נחלה וואס ער האט געגעבען צו זיינע זיהן דאס זאל צו זייא געהערען: 18 אונד דער נשיא זאל ניט נעמען פון דעם ערבטייל פון דעם פאלק אום זייא צו בעגזל'ן פון זייער ירושה, נאר ער זאל פון זיין בעזיץ געבען א נחלה צו זיינע זיהן, כדי מיין פאלק זאל ניט צושפרייט ווערען איטליכער פון זיינע ירושה: 19 אונד דערנאך האט ער מיך אריינגעבראכט דורך דעם איינגאנג וואס איז אן דער זייט פון דעם טויער צו דיא הייליגע קאמערן, וואס געהערען צו דיא כהנים אונד וואס קעהרט זיך צו דער צפון־זייט, אונד זעה, דארט איז געוועזען איין ארט אן דער זייט דערפון צו מערב־זייט: 20 אונד ער האט צו מיר געזאגט, דאס איז דער ארט אוואו דיא כהנים קאכען דאס קרבן אשם אונד דאס קרבן חטאת, אונד וואו זייא באקען דאס קרבן מנחה, כדי זייא זאלען עס ניט ארויסברענגען אין דעם אויסעווענינגסטען הויף דאס פאלק דאמיט צו הייליגען: 21 אונד ער האט מיך ארויסגעבראכט צו דעם אויסעווענינגסטען הויף, אונד ער האט מיך פערבייא געפיהרט פאר דיא פיער עקען פון דעם הויף, אונד זעה, עס וואר א קליינער הויף אויף איטליכען ווינקעל פון דעם הויף: 22 אין דיא פיער עקען פון דעם הויף זענען געוועזען קליינע הויפעלעך וואס האבען געריכערט, פירציג איילען לאנג אונד דרייסיג איילען ברייט, איין מאס איז געוועזען צו אלע פיער ווינקעל־הויפלעך: 23 אונד א שורה (מויער) איז געוועזען רינגס ארום זייא, צו אלע פיער זייטען, אונד זייא האבען געמאכט קיכענס אונטער דיא מויערן רינגס ארום: 24 אונד ער האט צו מיר געזאגט, דאס זענען דיא קאך־הייזער, וואו דיא משרתים פון דעם בית המקדש קאכען דארטען דיא קרבנות פון דעם פאלק:

### קאפיטעל מז

1 אונד ער האט מיך צוריקגעבראכט צו דער טיער פון דעם הויז, אונד זעה, וואסער זענען ארויסגעגאנגען פון אונטער דיא שוועל פון דעם בית המקדש אויף דער מזרח־זייט, ווארין דיא פארדער זייט פון דעם בית המקדש איז געוועזען צו מזרח צו, אונד דיא וואסער זענען ארונטערגעגאנגען פון אונטער דיא שוועל פון דער רעכטער זייט פון דעם הויז פון דרום־זייט צו דעם מזבח: 2 אונד ער האט מיך ארויסגעבראכט אויף דעם וועג פון דעם טויער אויף צפון־זייט, אונד ער האט מיך ארומגעפיהרט אויף דעם וועג אויסעווענינג צו דעם טויער דרויסען, אויף דעם וועג וואס קעהרט זיך צו מזרח־זייט, אונד זעה, דיא וואסער האבען גערינען פון דער רעכטער זייט: 3 ווען דער מאן איז ארויסגעגאנגען קעגען מזרח־זייט וואס האט געהאט א מעסט־שנור אין זיינע האנד אזוי האט ער געמאסטען טויזענד איילען, אונד ער האט מיך געמאכט דורכגעהן דורך דיא וואסער, אונד דיא וואסער זענען

4 וַיָּמָד אֶלֶף וַיַּעֲבִרֵנִי בַמַּיִם מַיִם בִּרְכָּיִם וַיָּמָד אֶלֶף וַיַּעֲבִרֵנִי
ה מֵי מָתְנָיִם׃ וַיָּמָד אֶלֶף נַחַל אֲשֶׁר לֹא־אוּכַל לַעֲבֹר כִּי־גָאוּ
6 הַמַּיִם מֵי שָׂחוּ נַחַל אֲשֶׁר לֹא־יֵעָבֵר׃ וַיֹּאמֶר אֵלַי הֲרָאִיתָ
7 בֶן־אָדָם וַיּוֹלִכֵנִי וַיְשִׁבֵנִי עַל־שְׂפַת הַנָּחַל׃ בְּשׁוּבֵנִי וְהִנֵּה
8 אֶל־שְׂפַת הַנַּחַל עֵץ רַב מְאֹד מִזֶּה וּמִזֶּה׃ וַיֹּאמֶר אֵלַי הַמַּיִם
הָאֵלֶּה יוֹצְאִים אֶל־הַגְּלִילָה הַקַּדְמוֹנָה וְיָרְדוּ עַל־הָעֲרָבָה
9 וּבָאוּ הַיָּמָּה אֶל־הַיָּמָּה הַמּוּצָאִים וְנִרְפְּאוּ הַמָּיִם׃ וְהָיָה כָל־
נֶפֶשׁ חַיָּה ׀ אֲשֶׁר־יִשְׁרֹץ אֶל כָּל־אֲשֶׁר יָבוֹא שָׁם נַחֲלַיִם יִחְיֶה
וְהָיָה הַדָּגָה רַבָּה מְאֹד כִּי בָאוּ שָׁמָּה הַמַּיִם הָאֵלֶּה וְיֵרָפְאוּ
· וָחָי כֹּל אֲשֶׁר־יָבוֹא שָׁמָּה הַנָּחַל׃ וְהָיָה יַעַמְדוּ עָלָיו דַּוָּגִים
מֵעֵין גֶּדִי וְעַד־עֵין עֶגְלַיִם מִשְׁטוֹחַ לַחֲרָמִים יִהְיוּ לְמִינָה תִּהְיֶה
11 דְגָתָם כִּדְגַת הַיָּם הַגָּדוֹל רַבָּה מְאֹד׃ בִּצֹּאתָו וּגְבָאָיו וְלֹא
12 יֵרָפְאוּ לְמֶלַח נִתָּנוּ׃ וְעַל־הַנַּחַל יַעֲלֶה עַל־שְׂפָתוֹ מִזֶּה ׀
וּמִזֶּה ׀ כָּל־עֵץ־מַאֲכָל לֹא־יִבּוֹל עָלֵהוּ וְלֹא־יִתֹּם פִּרְיוֹ לָחֳדָשָׁיו
יְבַכֵּר כִּי מֵימָיו מִן־הַמִּקְדָּשׁ הֵמָּה יוֹצְאִים וְהָיָה פִרְיוֹ
13 לְמַאֲכָל וְעָלֵהוּ לִתְרוּפָה׃ כֹּה אָמַר אֲדֹנָי יֱהוִה גֵּה
גְבוּל אֲשֶׁר תִּתְנַחֲלוּ אֶת־הָאָרֶץ לִשְׁנֵי עָשָׂר שִׁבְטֵי יִשְׂרָאֵל
14 יוֹסֵף חֲבָלִים׃ וּנְחַלְתֶּם אוֹתָהּ אִישׁ כְּאָחִיו אֲשֶׁר נָשָׂאתִי
אֶת־יָדִי לְתִתָּהּ לַאֲבֹתֵיכֶם וְנָפְלָה הָאָרֶץ הַזֹּאת לָכֶם
טו בְּנַחֲלָה׃ וְזֶה גְּבוּל הָאָרֶץ לִפְאַת צָפוֹנָה מִן־הַיָּם הַגָּדוֹל
16 הַדֶּרֶךְ חֶתְלֹן לְבוֹא צְדָדָה׃ חֲמָת ׀ בֵּרוֹתָה סִבְרַיִם אֲשֶׁר
בֵּין־גְּבוּל דַּמֶּשֶׂק וּבֵין גְּבוּל חֲמָת חָצֵר הַתִּיכוֹן אֲשֶׁר אֶל־
17 גְּבוּל חַוְרָן׃ וְהָיָה גְבוּל מִן־הַיָּם חֲצַר עֵינוֹן גְּבוּל דַּמֶּשֶׂק
18 וְצָפוֹן ׀ צָפוֹנָה וּגְבוּל חֲמָת וְאֵת פְּאַת צָפוֹן׃ וּפְאַת קָדִים
מִבֵּין חַוְרָן וּמִבֵּין־דַּמֶּשֶׂק וּמִבֵּין הַגִּלְעָד וּמִבֵּין אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל
הַיַּרְדֵּן מִגְּבוּל עַל־הַיָּם הַקַּדְמוֹנִי תָּמֹדּוּ וְאֵת פְּאַת קָדִימָה׃
19 וּפְאַת נֶגֶב תֵּימָנָה מִתָּמָר עַד־מֵי מְרִיבוֹת קָדֵשׁ נַחֲלָה אֶל־

גֶעוועזֶען בִּיז צוּ דִיא קְנֶעכֶעל: 4 אוּנְד עֶר
הָאט ווִידֶער גֶעמָאסְטֶען טױזֶענְד (אֵיילֶען)
אוּנְד עֶר הָאט מִיךְ דוּרְכְגֶעבְּרַאכְט דוּרְךְ
דִיא וַואסֶער, אוּנְד דִיא וַואסֶער זֶענֶען
גֶעוועזֶען בִּיז צוּ דִיא קְנִיעֶן; אוּנְד עֶר הָאט
ווִידֶער גֶעמָאסְטֶען טױזֶענְד אֵיילֶען אוּנְד
עֶר הָאט מִיךְ דוּרְכְגֶעבְּרַאכְט, אוּנְד דִיא
וַואסֶער זֶענֶען גֶעוועזֶען בִּיז צוּ דִיא לֶענְ־
דֶען: 5 אוּנְד עֶר הָאט ווִידֶער גֶעמָאסְטֶען
טױזֶענְד אֵיילֶען, אוּנְד עֶס אִיז גֶעוועזֶען
אַ טֵייךְ וָואס אִיךְ הָאבּ נִיט גֶעקֶענְט
דוּרְכְגֶעהְן, וָוארִין דִיא וַואסֶער זֶענֶען
גֶעשְׁטִיגֶען, וַואסֶער צוּ שְׁווִימֶען, אַ טֵייךְ
וָואס מֶען קֶען אִיהְם נִיט אִיבֶּערְגֶעהְן:
6 אוּנְד עֶר הָאט צוּ מִיר גֶעזָאגְט, בֶּן־אָדָם,
הָאסְט דוּא דָאס גֶעזֶעהֶען? אוּנְד עֶר הָאט
מִיךְ גֶעפִיהְרְט אוּנְד צוּרִיקְגֶעבְּרַאכְט צוּ
דֶעם בָּארְטֶען פוּן דֶעם טֵייךְ: 7 אוּנְד
ווֶען עֶר הָאט מִיךְ צוּרִיקְגֶעבְּרַאכְט, זֶעה,
אַזוֹי זֶענֶען גֶעוועזֶען בֵּייא דֶעם בָּארְטֶען
פוּן דֶעם טֵייךְ זֶעהְר פִילֶע בֵּיימֶער, פוּן
דִיא זֵייט אוּנְד פוּן יֶענֶע זֵייט: 8 אוּנְד
עֶר הָאט צוּ מִיר גֶעזָאגְט, דִיא דָאזִיגֶע
וַואסֶער ווֶעלֶען אַרױסְגֶעהְן קֵיין גָלִיל אַן
דֶער מִזְרַח־זֵייט צוּ, אוּנְד ווֶעלֶען אַרױפְגֶעהְן
צוּ דֶעם פְּלוֹין, אוּנְד אַרױסְגֶעהְן אִין דֶעם יַם, אוּנְד דָאס יַם אַזוֹי זֵייא ווֶעלֶען אַרױסְגֶעהְן,
דִיא וַואסֶער ווֶעלֶען גֶעהֵיילְט ווֶערֶען: 9 אוּנְד עֶס ווֶעט זֵיין אַז אַלֶעס לֶעבֶּעדִיגֶע וָואס ווִידְ־
מֶעט זִיךְ, אוּנְד וָואס ווֶעט דָארְט אַרֵיינְקוּמֶען אִין אֵיינֶע פוּן דִיא טֵייכֶען ווֶעט לֶעבֶּען, אוּנְד
עֶס ווֶעלֶען זֵיין זֶעהְר פִיל פִישׁ, ווֵייל דִיא דָאזִיגֶע וַואסֶער ווֶעלֶען דָארְט אַהִינְקוּמֶען, אוּנְד
זֵייא ווֶעלֶען הֵיילֶען, אוּנְד אַלֶעס ווֶעט לֶעבֶּען אַזוֹי דֶער טֵייךְ ווֶעט דָארְט אַהִינְקוּמֶען:
10 אוּנְד עֶס ווֶעט זֵיין אַז פִישֶׁער ווֶעלֶען דָארְט שְׁטֶעהְן פוּן עֵין גֶדִי בִּיז עֵין עֶגְלַיִם, אוּנְד עֶס
ווֶעט זֵיין אֵיינֶע אױסְשְׁפְּרֵייטוּנְג פוּן נֶעצֶען, אוּנְד זֵיירֶע פִישׁ ווֶעלֶען זֵיין פוּן פִילֶע מִינִים,
אַזוֹי ווִיא דִיא פִישׁ פוּן דֶעם יַם הַגָּדוֹל, זֶעהְר פִיל: 11 אָבֶּער דִיא זוּמְפֶּען, אוּנְד דִיא גְרִיבֶּער
דֶערְפוּן זֵייא ווֶעלֶען נִיט גֶעהֵיילְט ווֶערֶען, נֵייעֶרְט זֵייא זֶענֶען אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען צוּ דֶעם
זַאלְץ: 12 אוּנְד בֵּייא דֶעם טֵייךְ ווֶעלֶען אױפְגֶעהְן אַן זֵיין בָּארְטֶען פוּן דִיא זֵייט אוּנְד פוּן
יֶענֶער זֵייט אַלֶערְלֵייא בֵּיימֶער צוּם עֶסֶען, אוּנְד זֵיירֶע בְּלֶעטֶער ווֶעלֶען נִיט פֶערְווֶעלְקְט
ווֶערֶען, אוּנְד זֵיירֶע פֵּירוֹת ווֶעלֶען נִיט אױפְהֶערֶען, אִיטְלִיכֶען חֹדֶשׁ ווֶעלֶען זֵייא צֵייטִיג
ווֶערֶען, וָוארִין זֵיירֶע וַואסֶער פְלִיסֶען אַרױס פוּן דֶעם בֵּית הַמִקְדָשׁ, אוּנְד אַזוֹי ווֶעלֶען זֵיירֶע
פֵּירוֹת זֵיין צוּם עֶסֶען, אוּנְד דִיא בְּלֶעטֶער פַאר אַ רְפוּאָה: 13 אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר גָאט,
דָאס זָאל זֵיין דִיא גְרֶענֶעץ בֵּייא וָואס אִיהְר זָאלְט אױסְטֵיילֶען דָאס לַאנְד אַלְס נַחֲלָה צוּ
דִיא צְוֶועלְף שְׁבָטִים פוּן יִשְׂרָאֵל, יוֹסֵף זָאל נֶעמֶען צְוֵוייא חֲלָקִים: 14 אוּנְד אִיהְר זָאלְט
עֶס יַרְשְׁנְ'ן אֵיינֶער אַזוֹי פִיל ווִיא דֶער אַנְדֶערֶער, ווֵייל אִיךְ הָאבּ אױפְגֶעהױבֶּען מֵיינֶע הַאנְד
כְּדֵי עֶס צוּ גֶעבֶּען צוּ אֵיירֶע עֶלְטֶערְן, אוּנְד דָאס דָאזִיגֶע לַאנְד זָאל צוּ אֵייךְ צוּפַאלֶען אַלְס
אַ נַחֲלָה: 15 אוּנְד דָאס זָאל זֵיין דִיא גְרֶענֶעץ פוּן דֶעם לַאנְד, דִיא צָפוֹן־זֵייט פוּן דֶעם יַם
הַגָּדוֹל אָן אױף דֶעם ווֶעג קֵיין חֶתְלוֹן אַזוֹי מֶען קוּמְט קֵיין צְדָדָה: 16 חֲמָת, בֵּרוֹתָה, סִבְרַיִם,
וָואס אִיז צְווִישֶׁען דִיא גְרֶענֶעץ פוּן דַמֶשֶׂק אוּנְד צְווִישֶׁען דִיא גְרֶענֶעץ פוּן חֲמָת אוּנְד חָצֵר־
הַתִּיכוֹן וָואס אִיז בֵּייא דִיא גְרֶענֶעץ פוּן חַוְרָן: 17 אוּנְד דִיא גְרֶענֶעץ זָאל זֵיין פוּן דֶעם יַם
אָן קֵיין חֲצַר עֵינוֹן, בֵּייא דִיא גְרֶענֶעץ פוּן דַמֶשֶׂק אוּנְד פוּן דֶער צָפוֹן—צָפוֹן־זֵייט, אוּנְד
דִיא גְרֶענֶעץ פוּן חֲמָת זָאל זֵיין דִיא צָפוֹן־זֵייט: 18 אוּנְד דָאס ווִינְקֶעל אַן דֶער מִזְרַח־זֵייט זָאל
זֵיין צְווִישֶׁען חַוְרָן אוּנְד צְווִישֶׁען גִלְעָד, אוּנְד פוּן צְווִישֶׁען דַמֶשֶׂק, אוּנְד פוּן צְווִישֶׁען אֶרֶץ
יִשְׂרָאֵל זָאל זֵיין דֶער יַרְדֵן, פוּן דֶער גְרֶענֶעץ בֵּייא דֶעם יַם אַן דֶער מִזְרַח־זֵייט זָאלְט אִיהְר מֶעסְ־
טֶען, אוּנְד דָאס זָאל זֵיין דִיא מִזְרַח־זֵייט: 19 אוּנְד דָאס ווִינְקֶעל אַן דֶער דָרוֹם־זֵייט קֵיין
דָרוֹם צוּ זָאל זֵיין פוּן תָּמָר בִּיז מֵי מְרִיבוֹת קָדֵשׁ, צוּ דֶעם טֵייךְ פוּן דֶעם יַם הַגָּדוֹל,
אוּנְד

כ הַיָּם הַגָּדוֹל וְאֵת פְּאַת־תֵּימָנָה נֶגְבָּה: וּפְאַת־יָם הַיָּם הַגָּדוֹל
21 מִגְּבוּל עַד־נֹכַח לְבוֹא חֲמָת זֹאת פְּאַת־יָם: וְחִלַּקְתֶּם אֶת־
22 הָאָרֶץ הַזֹּאת לָכֶם לְשִׁבְטֵי יִשְׂרָאֵל: וְהָיָה תַּפִּלוּ אוֹתָהּ
בְּנַחֲלָה לָכֶם וּלְהַגֵּרִים הַגָּרִים בְּתוֹכְכֶם אֲשֶׁר־הוֹלִדוּ בָנִים
בְּתוֹכְכֶם וְהָיוּ לָכֶם כְּאֶזְרָח בִּבְנֵי יִשְׂרָאֵל אִתְּכֶם יִפְּלוּ
23 בְנַחֲלָה בְּתוֹךְ שִׁבְטֵי יִשְׂרָאֵל: וְהָיָה בַשֵּׁבֶט אֲשֶׁר־גָּר הַגֵּר
אִתּוֹ שָׁם תִּתְּנוּ נַחֲלָתוֹ נְאֻם אֲדֹנָי יֱהֹוִה:

## מח מח

א וְאֵלֶּה שְׁמוֹת הַשְּׁבָטִים מִקְצֵה צָפוֹנָה אֶל־יַד דֶּרֶךְ־חֶתְלֹן
לְבוֹא־חֲמָת חֲצַר עֵינָן גְּבוּל דַּמֶּשֶׂק צָפוֹנָה אֶל־יַד חֲמָת
2 וְהָיוּ־לוֹ פְאַת־קָדִים הַיָּם דָּן אֶחָד: וְעַל ׀ גְּבוּל דָּן מִפְּאַת
3 קָדִים עַד־פְּאַת יָמָּה אָשֵׁר אֶחָד: וְעַל ׀ גְּבוּל אָשֵׁר מִפְּאַת
4 קָדִימָה וְעַד־פְּאַת־יָמָּה נַפְתָּלִי אֶחָד: וְעַל ׀ גְּבוּל נַפְתָּלִי
ה מִפְּאַת קָדְמָה עַד־פְּאַת יָמָּה מְנַשֶּׁה אֶחָד: וְעַל ׀ גְּבוּל
6 מְנַשֶּׁה מִפְּאַת קָדְמָה עַד־פְּאַת יָמָּה אֶפְרַיִם אֶחָד: וְעַל ׀
גְּבוּל אֶפְרַיִם מִפְּאַת קָדִים וְעַד־פְּאַת־יָמָּה רְאוּבֵן אֶחָד:
7 וְעַל ׀ גְּבוּל רְאוּבֵן מִפְּאַת קָדִים עַד־פְּאַת יָמָּה יְהוּדָה אֶחָד:
8 וְעַל גְּבוּל יְהוּדָה מִפְּאַת קָדִים עַד־פְּאַת יָמָּה תִּהְיֶה
הַתְּרוּמָה אֲשֶׁר־תָּרִימוּ חֲמִשָּׁה וְעֶשְׂרִים אֶלֶף רֹחַב וְאֹרֶךְ
כְּאַחַד הַחֲלָקִים מִפְּאַת קָדִימָה עַד־פְּאַת־יָמָּה וְהָיָה
9 הַמִּקְדָּשׁ בְּתוֹכוֹ: הַתְּרוּמָה אֲשֶׁר תָּרִימוּ לַיהוָה אֹרֶךְ
י חֲמִשָּׁה וְעֶשְׂרִים אֶלֶף וְרֹחַב עֲשֶׂרֶת אֲלָפִים: וּלְאֵלֶּה
תִּהְיֶה תְרוּמַת־הַקֹּדֶשׁ לַכֹּהֲנִים צָפוֹנָה חֲמִשָּׁה וְעֶשְׂרִים
אֶלֶף וְיָמָּה רֹחַב עֲשֶׂרֶת אֲלָפִים וְקָדִימָה רֹחַב עֲשֶׂרֶת
אֲלָפִים וָנֶגְבָּה אֹרֶךְ חֲמִשָּׁה וְעֶשְׂרִים אֶלֶף וְהָיָה מִקְדַּשׁ־
11 יְהוָה בְּתוֹכוֹ: לַכֹּהֲנִים הַמְקֻדָּשׁ מִבְּנֵי צָדוֹק אֲשֶׁר שָׁמְרוּ
מִשְׁמַרְתִּי אֲשֶׁר לֹא־תָעוּ בִּתְעוֹת בְּנֵי יִשְׂרָאֵל כַּאֲשֶׁר תָּעוּ

אוּנְד דָאס אִיז דִיא גְרֶענְעץ אַן דֶער דָרוֹם־זֵייט: 20 אוּנְד דִיא מַעֲרָב־זֵייט אִיז גֶעוֶועזֶען דָאס יַם הַגָּדוֹל פוּן דֶער גְרֶענְעץ בִּיז קֶעגֶענְאִיבֶּער אַזוֹי מֶען קוּמְט קֵיין חֲמָת, דָאס אִיז דִיא גְרֶענְעץ פוּן מַעֲרָב־זֵייט: 21 אוּנְד אִיהְר זָאלְט צוּטֵיילֶען דָאס דָאזִיגֶע לַאנְד פַאר אֵייךְ נָאךְ דִיא שְׁבָטִים פוּן יִשְׂרָאֵל: 22 אוּנְד עֶס וֶועט זַיין, וֶוען אִיהְר וֶועט דַארִיבֶּער גוֹרָל וַוארְפֶען כְּדֵי עֶס צוּ אֵייךְ צוּ־טֵיילֶען, אוּנְד צוּ דִיא פְרֶעמְדֶע וָואס הַאלְטֶען זִיךְ אוֹיף צְוִוישֶׁען אֵייךְ, וָואס הָאבֶּען גֶעוִוינֶען קִינְדֶער צְוִוישֶׁען אֵייךְ, אַזוֹי (זָאלֶען דִיא פְרֶעמְדֶע זַיין) גְרָאד אַזוֹי וִויא דִיא הַיימִישֶׁע צְוִוישֶׁען דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל, מִיט אֵייךְ זָאלֶען זֵייא זֵייעֶר גוֹרָל וַוארְפֶען אִין דֶער יְרוּשָׁה צְוִוישֶׁען דִיא שְׁבָטִים פוּן יִשְׂרָאֵל: 23 אוּנְד עֶס וֶועט זַיין, דָאס אִין וָואס פַאר אַ שֵׁבֶט דֶער גֵר הַאלְט זִיךְ אוֹיף, דָארְט זָאל מֶען אִיהְם גֶעבֶּען זַיינֶע יְרוּשָׁה, זָאגְט דֶער הַאר גָאט:

## קאפיטעל מח

1 אוּנְד דָאס זֶענֶען דִיא נֶעמֶען פוּן דִיא שְׁבָטִים, פוּן דֶעם עֶק קֶעגֶען צָפוֹן־זֵייט אוֹיף דֶעם וֶועג קֵיין חֶתְלוֹן, אַזוֹי מֶען קוּמְט קֵיין חֲמָת, חֲצַר עֵינָן, דִיא גְרֶענְעץ פוּן דַמֶשֶׂק קֶעגֶען צָפוֹן, אַן דֶער זֵייט פוּן חֲמָת, אוּנְד דָאס זָאל זַיין צוּ אִיהְם דִיא מִזְרַח־זֵייט אוּנְד מַעֲרָב־זֵייט, אֵיין חֵלֶק פַאר דֶעם שֵׁבֶט דָן: 2 אוּנְד בַּייא דֶער גְרֶענְעץ פוּן דָן, פוּן דֶער מִזְרַח־זֵייט בִּיז מַעֲרָב־זֵייט, אֵיין חֵלֶק פַאר אָשֵׁר: 3 אוּנְד בַּייא דֶער גְרֶענְעץ פוּן אָשֵׁר, פוּן דֶער מִזְרַח־זֵייט בִּיז מַעֲרָב־זֵייט, אֵיין חֵלֶק פַאר נַפְתָּלִי: 4 אוּנְד בַּייא דֶער גְרֶענְעץ פוּן נַפְתָּלִי, פוּן דֶער מִזְרַח־זֵייט בִּיז מַעֲרָב־זֵייט, אֵיין חֵלֶק פַאר מְנַשֶּׁה: 5 אוּנְד בַּייא דֶער גְרֶענְעץ פוּן מְנַשֶּׁה, פוּן דֶער מִזְרַח־זֵייט בִּיז מַעֲרָב־זֵייט, אֵיין חֵלֶק פַאר אֶפְרַיִם: 6 אוּנְד בַּייא דֶער גְרֶענְעץ פוּן אֶפְרַיִם, פוּן דֶער מִזְרַח־זֵייט בִּיז מַעֲרָב־זֵייט, אֵיין חֵלֶק פַאר רְאוּבֵן: 7 אוּנְד בַּייא דֶער גְרֶענְעץ פוּן רְאוּבֵן, פוּן דֶער מִזְרַח־זֵייט בִּיז מַעֲרָב־זֵייט, אֵיין חֵלֶק פַאר יְהוּדָה: 8 אוּנְד בַּייא דֶער גְרֶענְעץ פוּן יְהוּדָה, פוּן דֶער מִזְרַח־זֵייט בִּיז מַעֲרָב־זֵייט, זָאל זַיין דִיא אָפְּשֵׁיידוּנְג וָואס אִיהְר זָאלְט אָפְּשֵׁיידֶען, פִינְף אוּנְד צְוַואנְצִיג טוֹיזֶענְד רָאהְר בְּרֵייט, אוּנְד דִיא לֶענְג וִויא אֵיינֶעם פוּן דִיא חֲלָקִים פוּן דֶער מִזְרַח־זֵייט בִּיז צוּ דֶער מַעֲרָב־זֵייט, אוּנְד דָאס בֵּית הַמִּקְדָּשׁ זָאל זַיין אִין מִיטֶען דֶערְפוּן: 9 אוּנְד דִיא אָפְּשֵׁיידוּנְג וָואס אִיהְר וֶועט אָפְּשֵׁיידֶען זָאל זַיין פַאר דֶעם הַאר, דִיא לֶענְג פִינְף אוּנְד צְוַואנְצִיג טוֹיזֶענְד רָאהְר, אוּנְד דִיא בְּרֵייט צֶעהְן טוֹיזֶענְד: 10 אוּנְד דָאס דָאזִיגֶע זָאל זַיין דִיא הֵיילִיגֶע אָפְּשֵׁיידוּנְג פַאר דִיא כֹּהֲנִים, פוּן צָפוֹן־זֵייט, פִינְף אוּנְד צְוַואנְצִיג טוֹיזֶענְד, אוּנְד פוּן מַעֲרָב־זֵייט צֶעהְן טוֹיזֶענְד בְּרֵייט, אוּנְד פוּן מִזְרַח־זֵייט, צֶעהְן טוֹיזֶענְד בְּרֵייט, אוּנְד פוּן דָרוֹם־זֵייט, פִינְף אוּנְד צְוַואנְצִיג טוֹיזֶענְד דִיא לֶענְג, אוּנְד דָאס בֵּית הַמִּקְדָּשׁ פוּן דֶעם הַאר זָאל זַיין אִין דֶער מִיטֶען דֶערְפוּן: 11 אוּנְד דָאס זָאל זַיין פַאר דִיא גֶעהֵיילִיגְטֶע כֹּהֲנִים, פוּן דִיא זִיהְן פוּן צָדוֹק, וָואס הִיטֶען מֵיינֶע הִיטוּנְג, וָואס הָאבֶּען זִיךְ נִיט פֶערְאִירְט נָאךְ דִיא פֶערְאִירוּנְג פוּן דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל, (אָדֶער) אַזוֹי וִויא דִיא לְוִיִּם הָאבֶּען זִיךְ פֶערְאִירְט:

הַלְוִיִּם׃ וְהָיְתָה לָהֶם תְּרוּמִיָּה מִתְּרוּמַת הָאָרֶץ קֹדֶשׁ 12
קָדָשִׁים אֶל־גְּבוּל הַלְוִיִּם׃ וְהַלְוִיִּם לְעֻמַּת גְּבוּל הַכֹּהֲנִים 13
חֲמִשָּׁה וְעֶשְׂרִים אֶלֶף אֹרֶךְ וְרֹחַב עֲשֶׂרֶת אֲלָפִים כָּל־אֹרֶךְ
חֲמִשָּׁה וְעֶשְׂרִים אֶלֶף וְרֹחַב עֲשֶׂרֶת אֲלָפִים׃ וְלֹא־יִמְכְּרוּ 14
מִמֶּנּוּ וְלֹא יָמֵר וְלֹא יַעֲבוֹר רֵאשִׁית הָאָרֶץ כִּי־קֹדֶשׁ לַיהוָה׃
וַחֲמֵשֶׁת אֲלָפִים הַנּוֹתָר בָּרֹחַב עַל־פְּנֵי חֲמִשָּׁה וְעֶשְׂרִים טו
אֶלֶף חֹל־הוּא לָעִיר לְמוֹשָׁב וּלְמִגְרָשׁ וְהָיְתָה הָעִיר בְּתוֹכֹה׃
וְאֵלֶּה מִדּוֹתֶיהָ פְּאַת צָפוֹן חֲמֵשׁ מֵאוֹת וְאַרְבַּעַת אֲלָפִים 16
וּפְאַת־נֶגֶב חֲמֵשׁ חֹמֵשׁ מֵאוֹת וְאַרְבַּעַת אֲלָפִים וּמִפְּאַת
קָדִים חֲמֵשׁ מֵאוֹת וְאַרְבַּעַת אֲלָפִים וּפְאַת־יָמָּה חֲמֵשׁ
מֵאוֹת וְאַרְבַּעַת אֲלָפִים׃ וְהָיָה מִגְרָשׁ לָעִיר צָפוֹנָה 17
חֲמִשִּׁים וּמָאתַיִם וְנֶגְבָּה חֲמִשִּׁים וּמָאתָיִם וְקָדִימָה חֲמִשִּׁים
וּמָאתַיִם וְיָמָּה חֲמִשִּׁים וּמָאתָיִם׃ וְהַנּוֹתָר בָּאֹרֶךְ לְעֻמַּת ׀ 18
תְּרוּמַת הַקֹּדֶשׁ עֲשֶׂרֶת אֲלָפִים קָדִימָה וַעֲשֶׂרֶת אֲלָפִים
יָמָּה וְהָיָה לְעֻמַּת תְּרוּמַת הַקֹּדֶשׁ וְהָיְתָה תְבוּאָתֹה לְלֶחֶם
לְעֹבְדֵי הָעִיר׃ וְהָעֹבֵד הָעִיר יַעַבְדוּהוּ מִכֹּל שִׁבְטֵי יִשְׂרָאֵל׃ 19
כָּל־הַתְּרוּמָה חֲמִשָּׁה וְעֶשְׂרִים אֶלֶף בַּחֲמִשָּׁה וְעֶשְׂרִים כ
אֶלֶף רְבִיעִית תָּרִימוּ אֶת־תְּרוּמַת הַקֹּדֶשׁ אֶל־אֲחֻזַּת הָעִיר׃
וְהַנּוֹתָר לַנָּשִׂיא מִזֶּה ׀ וּמִזֶּה ׀ לִתְרוּמַת־הַקֹּדֶשׁ וְלַאֲחֻזַּת 21
הָעִיר אֶל־פְּנֵי חֲמִשָּׁה וְעֶשְׂרִים אֶלֶף ׀ תְּרוּמָה עַד־גְּבוּל
קָדִימָה וְיָמָּה עַל־פְּנֵי חֲמִשָּׁה וְעֶשְׂרִים אֶלֶף עַל־גְּבוּל יָמָּה
לְעֻמַּת חֲלָקִים לַנָּשִׂיא וְהָיְתָה תְּרוּמַת הַקֹּדֶשׁ וּמִקְדַּשׁ
הַבַּיִת בְּתוֹכֹה׃ וּמֵאֲחֻזַּת הַלְוִיִּם וּמֵאֲחֻזַּת הָעִיר בְּתוֹךְ אֲשֶׁר 22
לַנָּשִׂיא יִהְיֶה בֵּין ׀ גְּבוּל יְהוּדָה וּבֵין גְּבוּל בִּנְיָמִן לַנָּשִׂיא
יִהְיֶה׃ וְיֶתֶר הַשְּׁבָטִים מִפְּאַת קָדִימָה עַד־פְּאַת־יָמָּה בִּנְיָמִן 23
אֶחָד׃ וְעַל ׀ גְּבוּל בִּנְיָמִן מִפְּאַת קָדִימָה עַד־פְּאַת־יָמָּה 24
שִׁמְעוֹן אֶחָד׃ וְעַל ׀ גְּבוּל שִׁמְעוֹן מִפְּאַת קָדִימָה עַד־פְּאַת־ כה

12 אוּנְד דָאס זָאל זַיין אַ גַאנְץ הֵיילִיגֶע
אָפְּשֵׁיידוּנְג פוּן דֶער אָפְּשֵׁיידוּנְג פוּן דֶעם
לַאנְד, בֵּייא דִיא גְרֶענֶעץ פוּן דִיא לְוִיִּם:
13 אוּנְד קֶעגֶענְאִיבֶּער דִיא גְרֶענֶעץ פוּן
דִיא כֹּהֲנִים זָאל זַיין דָאס חֵלֶק פַאר דִיא
לְוִיִּם, פִינְף אוּנְד צְוַואנְצִיג טוֹיזֶענְד לַאנְג
אוּנְד דִיא בְּרֵייט צֶעהְן טוֹיזֶענְד; דִיא
גַאנְצֶע לֶענְג זָאל זַיין פִינְף אוּנְד צְוַואנְצִיג
טוֹיזֶענְד, אוּנְד דִיא בְּרֵייט צֶעהְן טוֹיזֶענְד:
14 אוּנְד זֵייא זָאלֶען נִיט דֶערְפוּן פֶערְ־
קוֹיפֶען, אוּנְד נִיט פֶערְטוֹישֶׁען, אוּנְד מֶען
זָאל אוֹיךְ נִיט פוּן דִיא אִיבֶּערְפִיהְרֶען
(צוּ אַנְדֶערֶע) פוּן דִיא עֶרְשְׁטֶע פְרוּכְט
פוּן דֶעם לַאנְד, וָוארִין עֶס אִיז גַאנְץ
הֵיילִיג צוּ דֶעם הַאר: 15 אוּנְד דִיא
פִינְף טוֹיזֶענְד רָאהְרֶען וָואס זֶענֶען אִי־
בֶּערְגֶעבְּלִיבֶּען פוּן דִיא בְּרֵייט פוּן פַאר
דִיא פִינְף אוּנְד צְוַואנְצִיג טוֹיזֶענְד זָאל
אַלְס גֶעמֵיינֶעס גֶעהֶערֶען צוּ דֶער שְׁטָאט,
צוּ בֶּעוְואוֹינֶען אוּנְד פַאר אַ לֶעדִיגֶען
פְּלַאץ, אוּנְד דִיא שְׁטָאט זָאל שְׁטֶעהְן אִין
דֶער מִיטֶען דֶערְפוּן: 16 אוּנְד דָאס
דָאזִיגֶע זָאל זַיין זַייעֶר מָאס, אַן דֶער צָפוֹן־זֵייט, פִיעֶר טוֹיזֶענְד אוּנְד פִינְף הוּנְדֶערְט;
אוּנְד אַן דֶער דָרוֹם־זֵייט, פִיעֶר טוֹיזֶענְד אוּנְד פִינְף הוּנְדֶערְט; אוּנְד אַן דֶער מִזְרַח־זֵייט,
צְוֵוייא הוּנְדֶערְט אוּנְד פוּפְצִיג; אוּנְד אַן דֶער מַעֲרָב־זֵייט, צְוֵוייא הוּנְדֶערְט אוּנְד
פוּפְצִיג: 17 אוּנְד דֶער פְרֵייעֶר פְּלַאץ פוּן דֶער שְׁטָאט אַן דֶער צָפוֹן־זֵייט, זָאל זַיין
צְוֵוייא הוּנְדֶערְט אוּנְד פוּפְצִיג; אַן דֶער דָרוֹם־זֵייט, צְוֵוייא הוּנְדֶערְט אוּנְד פוּפְצִיג; אַן
דֶער מִזְרַח־זֵייט, צְוֵוייא הוּנְדֶערְט אוּנְד פוּפְצִיג; אוּנְד אַן דֶער מַעֲרָב־זֵייט, צְוֵוייא הוּנְדֶערְט
אוּנְד פוּפְצִיג: 18 אוּנְד דָאס אִיבְּרִיגֶע פוּן דִיא לֶענְג קֶעגֶענְאִיבֶּער דֶער הֵיילִיגֶער
אָפְּשֵׁיידוּנְג, דְהַיְינוּ צֶעהְן טוֹיזֶענְד קֶעגֶען מִזְרַח־זֵייט אוּנְד צֶעהְן טוֹיזֶענְד קֶעגֶען מַעֲרָב־
זֵייט, דָאס וֶועט זַיין קֶעגֶענְאִיבֶּער דֶער הֵיילִיגֶער אָפְּשֵׁיידוּנְג, אוּנְד עֶס זָאל זַיין פַאר
דִיא תְּבוּאָה צוּם עֶסֶען פַאר דִיא וָואס אַרְבֵּייטֶען אִין דֶער שְׁטָאט: 19 אוּנְד דִיא וָואס
וֶועלֶען אַרְבֵּייטֶען אִין דֶער שְׁטָאט, זָאלֶען אַרְבֵּייטֶען אוֹיס אַלֶע שְׁבָטִים פוּן יִשְׂרָאֵל:
20 דִיא גַאנְצֶע אָפְּשֵׁיידוּנְג זָאל זַיין פִינְף אוּנְד צְוַואנְצִיג טוֹיזֶענְד בֵּייא פִינְף אוּנְד
צְוַואנְצִיג טוֹיזֶענְד, פִיעֶר עֶקִיגְדִיג זָאלְט אִיהְר אָפְּשֵׁיידֶען דִיא הֵיילִיגֶע אָפְּשֵׁיידוּנְג אַלְס
יְרוּשָּׁה פוּן דֶער שְׁטָאט: 21 אוּנְד דָאס אִיבְּרִיגֶע זָאל זַיין פַאר דֶעם נָשִׂיא פוּן דִיא
זֵייט אוּנְד פוּן יֶענֶער זֵייט פַאר אַ הֵיילִיגֶע אָפְּשֵׁיידוּנְג אוּנְד פַאר אַ יְרוּשָּׁה פוּן דֶער
שְׁטָאט, קֶעגֶענְאִיבֶּער דֶער אָפְּשֵׁיידוּנְג פוּן פִינְף אוּנְד צְוַואנְצִיג טוֹיזֶענְד בִּיז צוּ דֶער
גְרֶענֶעץ קֶעגֶען מִזְרַח אוּנְד מַעֲרָב, קֶעגֶענְאִיבֶּער דִיא פִינְף אוּנְד צְוַואנְצִיג טוֹיזֶענְד בֵּייא
דִיא מַעֲרָב־גְרֶענֶעץ, קֶעגֶענְאִיבֶּר דִיא חֲלָקִים וָואס גֶעהֶערֶען צוּ דֶעם נָשִׂיא. אוּנְד דָאס
זָאל זַיין דִיא הֵיילִיגֶע אָפְּשֵׁיידוּנְג, אוּנְד דָאס בֵּית הַמִּקְדָּשׁ זָאל זַיין אִין דֶער מִיטֶען
דֶערְפוּן: 22 אוּנְד פוּן דֶער יְרוּשָּׁה פוּן דִיא לְוִיִּם, אוּנְד פוּן דִיא יְרוּשָּׁה פוּן דֶער שְׁטָאט,
אִין דֶער מִיטֶען פוּן דֶעם וָואס גֶעהֶערְט צוּ דֶעם נָשִׂיא, זָאל זַיין צְווִישֶׁען דִיא גְרֶענֶעץ
פוּן יְהוּדָה אוּנְד צְווִישֶׁען דִיא גְרֶענֶעץ פוּן בִּנְיָמִין, עֶס זָאל גֶעהֶערֶען צוּ דֶעם נָשִׂיא:
23 אוּנְד דִיא אִיבְּרִיגֶע שְׁבָטִים, פוּן דֶער מִזְרַח־זֵייט בִּיז מַעֲרָב־זֵייט אֵיין חֵלֶק פַאר
בִּנְיָמִן: 24 אוּנְד בֵּייא דֶער גְרֶענֶעץ פוּן בִּנְיָמִן פוּן דֶער מִזְרַח־זֵייט בִּיז מַעֲרָב־זֵייט
אֵיין חֵלֶק פַאר שִׁמְעוֹן: 25 אוּנְד בֵּייא דֶער גְרֶענֶעץ פוּן שִׁמְעוֹן פוּן דֶער מִזְרַח־זֵייט בִּיז

26 יָ֫מָּה יִשָּׂשכָ֥ר אֶחָֽד׃ וְעַ֣ל ׀ גְּב֣וּל יִשָּׂשכָ֗ר מִפְּאַ֥ת קָדִ֖ימָה
27 עַד־פְּאַת־יָ֑מָּה זְבוּלֻ֖ן אֶחָֽד׃ וְעַ֣ל ׀ גְּב֣וּל זְבוּלֻ֗ן מִפְּאַ֥ת קָדְמָ֖ה
28 עַד־פְּאַת־יָ֑מָּה גָּ֖ד אֶחָֽד׃ וְעַל֙ גְּב֣וּל גָּ֔ד אֶל־פְּאַ֥ת נֶ֖גֶב תֵּימָ֑נָה
וְהָיָ֨ה גְב֜וּל מִתָּמָ֗ר מֵ֚י מְרִיבַ֣ת קָדֵ֔שׁ נַחֲלָ֖ה עַל־הַיָּ֥ם הַגָּדֽוֹל׃
29 זֹ֥את הָאָ֛רֶץ אֲשֶׁר־תַּפִּ֥ילוּ מִֽנַּחֲלָ֖ה לְשִׁבְטֵ֣י יִשְׂרָאֵ֑ל וְאֵ֙לֶּה֙
ל מַחְלְקוֹתָ֔ם נְאֻ֖ם אֲדֹנָ֥י יֱהֹוִֽה׃ וְאֵ֖לֶּה תּוֹצְאֹ֣ת הָעִ֑יר
31 מִפְּאַ֣ת צָפ֔וֹן חֲמֵ֛שׁ מֵא֥וֹת וְאַרְבַּ֥עַת אֲלָפִ֖ים מִדָּֽה׃ וְשַׁעֲרֵ֣י
הָעִ֗יר עַל־שְׁמוֹת֙ שִׁבְטֵ֣י יִשְׂרָאֵ֔ל שְׁעָרִ֥ים שְׁלוֹשָׁ֖ה צָפ֑וֹנָה
32 שַׁ֣עַר רְאוּבֵ֩ן אֶחָ֨ד שַׁ֤עַר יְהוּדָה֙ אֶחָ֔ד שַׁ֥עַר לֵוִ֖י אֶחָֽד׃ וְאֶל־
פְּאַ֨ת קָדִ֜ימָה חֲמֵ֧שׁ מֵא֣וֹת וְאַרְבַּ֣עַת אֲלָפִ֗ים וּשְׁעָרִ֥ים
שְׁלֹשָׁ֑ה וְשַׁ֨עַר יוֹסֵ֜ף אֶחָ֗ד שַׁ֤עַר בִּנְיָמִן֙ אֶחָ֔ד שַׁ֥עַר דָּ֖ן אֶחָֽד׃
33 וּפְאַת־נֶ֗גְבָּה חֲמֵ֨שׁ מֵא֜וֹת וְאַרְבַּ֤עַת אֲלָפִים֙ מִדָּ֔ה וּשְׁעָרִ֖ים
שְׁלֹשָׁ֑ה שַׁ֩עַר שִׁמְע֨וֹן אֶחָ֜ד שַׁ֤עַר יִשָּׂשכָר֙ אֶחָ֔ד שַׁ֥עַר זְבוּלֻ֖ן
34 אֶחָֽד׃ פְּאַת־יָ֗מָּה חֲמֵ֤שׁ מֵאוֹת֙ וְאַרְבַּ֣עַת אֲלָפִ֔ים שַׁעֲרֵיהֶ֖ם
שְׁלֹשָׁ֑ה שַׁ֧עַר גָּ֣ד אֶחָ֗ד שַׁ֤עַר אָשֵׁר֙ אֶחָ֔ד שַׁ֥עַר נַפְתָּלִ֖י אֶחָֽד׃
סָבִ֕יב שְׁמֹנָ֥ה עָשָׂ֖ר אָ֑לֶף וְשֵׁם־הָעִ֥יר מִיּ֖וֹם יְהֹוָ֥ה ׀ שָֽׁמָּה׃

חזק

סכום הפסוקים של יחזקאל אלף ומאתים ושבעים ושלשה. באיל תערג על אפיקי מים כן נפשי תערג אליך אלהים סימן. וחציו. ויהי בעשתי עשרה שנה באחד לחדש. וסדריו תשעה ועשרים ותרא אתו כי טוב הוא סימן:

מַעֲרָב־זֵייט אֵיין חֵלֶק פַּאר יִשָּׂשכָר: 26 אוּנְד בֵּייא דֶער גְרֶענֶעץ פוּן יִשָּׂשכָר פוּן דֶער מִזְרַח־זֵייט בִּיז מַעֲרָב־זֵייט אֵיין חֵלֶק פַאר זְבוּלֻן: 27 אוּנְד בֵּייא דֶער גְרֶענֶעץ פוּן זְבוּלֻן פוּן דֶער מִזְרַח־זֵייט בִּיז מַעֲרָב־זֵייט אֵיין חֵלֶק פַאר גָד: 28 אוּנְד בֵּייא דֶער גְרֶענֶעץ פוּן גָד צוּ דֶער דָרוֹם־זֵייט נָאךְ דָרוֹם צוּ, זָאל זֵיין דִיא גְרֶענֶעץ פוּן תָּמָר בִּיז מֵי מְרִיבַת קָדֵשׁ, דֶער טֵייךְ בֵּייא דֶעם יַם הַגָּדוֹל: 29 דָאס אִיז דָאס לַאנְד אִיבֶּער וָואס אִיהְר זָאלְט גוֹרָל וַוארְפֶען וֶועגֶען דֶער נַחֲלָה פַאר דִיא שְׁבָטִים פוּן יִשְׂרָאֵל, אוּנְד דִיא דָאזִיגֶע זֶענֶען זֵייעֶרֶע חֲלָקִים, זָאגְט דֶער הַאר גָאט: 30 אוּנְד דִיא דָאזִיגֶע זֶענֶען דִיא אוֹיסְגֶענְג פוּן דֶער שְׁטָאט, קֶעגֶען צָפוֹן־זֵייט זָאל זֵיין פִיעֶר טוֹיזֶענְד אוּנְד פִינְף הוּנְדֶערְט רָאהְרֶען מָאס: 31 אוּנְד דִיא טוֹיעֶרְן פוּן דֶער שְׁטָאט זָאלֶען זֵיין נָאךְ דִיא נֶעמֶען פוּן דִיא שְׁבָטִים פוּן יִשְׂרָאֵל; דְרֵייא טוֹיעֶרְן אַן דֶער צָפוֹן־זֵייט, אֵיין טוֹיעֶר פוּן רְאוּבֵן, אֵיין טוֹיעֶר פוּן יְהוּדָה, אֵיין טוֹיעֶר פוּן לֵוִי: 32 אוּנְד צוּ דֶער מִזְרַח־זֵייט, פִיעֶר טוֹיזֶענְד אוּנְד פִינְף הוּנְדֶערְט, אוּנְד דְרֵייא טוֹיעֶרְן; אוּנְד אֵיין טוֹיעֶר פוּן יוֹסֵף, אֵיין טוֹיעֶר פוּן בִּנְיָמִין, אוּנְד אֵיין טוֹיעֶר פוּן דָן: 33 אוּנְד אַן דָרוֹם־זֵייט זָאל גֶעמָאסְטֶען וֶוערֶען פִיעֶר טוֹיזֶענְד אוּנְד פִינְף הוּנְדֶערְט, אוּנְד דְרֵייא טוֹיעֶרְן, אֵיין טוֹיעֶר פוּן שִׁמְעוֹן, אֵיין טוֹיעֶר פוּן יִשָּׂשכָר, אוּנְד אֵיין טוֹיעֶר פוּן זְבוּלֻן: 34 דִיא מַעֲרָב־זֵייט, פִיעֶר טוֹיזֶענְד אוּנְד פִינְף הוּנְדֶערְט, אוּנְד זֵייעֶרֶע טוֹיעֶרְן דְרֵייא, אֵיין טוֹיעֶר פוּן גָד, אֵיין טוֹיעֶר פוּן אָשֵׁר, אוּנְד אֵיין טוֹיעֶר פוּן נַפְתָּלִי: 35 עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען רִינְגְס אַרוּם אַכְטְצֶעהְן טוֹיזֶענְד, אוּנְד דֶער נָאמֶען פוּן דֶער שְׁטָאט פוּן דֶעם טָאג אָן זָאל זֵיין יְהֹוָה שָׁמָּה:

אַלע פסוקים פֿון דעם ספר יחזקאל זענען איין טויזענד צוויא הונדערט אונד דרייא אונד זיבעציג; דיא העלפֿט דאפֿון איז קאפיטעל כ"ו א'; אונד האט אים גאנצען אַכט אונד פֿירציג קאפיטלעך:

חזק ונתחזק

יב יב

א סְבָבֻנִי בְכַחַשׁ אֶפְרַיִם וּבְמִרְמָה בֵּית יִשְׂרָאֵל וִיהוּדָה עֹד
2 רָד עִם־אֵל וְעִם־קְדוֹשִׁים נֶאֱמָן׃ אֶפְרַיִם רֹעֶה רוּחַ וְרֹדֵף
קָדִים כָּל־הַיּוֹם כָּזָב וָשֹׁד יַרְבֶּה וּבְרִית עִם־אַשּׁוּר יִכְרֹתוּ
3 וְשֶׁמֶן לְמִצְרַיִם יוּבָל׃ וְרִיב לַיהוָה עִם־יְהוּדָה וְלִפְקֹד עַל־
4 יַעֲקֹב כִּדְרָכָיו כְּמַעֲלָלָיו יָשִׁיב לוֹ׃ בַּבֶּטֶן עָקַב אֶת־אָחִיו
ה וּבְאוֹנוֹ שָׂרָה אֶת־אֱלֹהִים׃ וַיָּשַׂר אֶל־מַלְאָךְ וַיֻּכָל בָּכָה
6 וַיִּתְחַנֶּן־לוֹ בֵּית־אֵל יִמְצָאֶנּוּ וְשָׁם יְדַבֵּר עִמָּנוּ׃ וַיהוָה
7 אֱלֹהֵי הַצְּבָאוֹת יְהוָה זִכְרוֹ׃ וְאַתָּה בֵּאלֹהֶיךָ תָשׁוּב חֶסֶד
8 וּמִשְׁפָּט שְׁמֹר וְקַוֵּה אֶל־אֱלֹהֶיךָ תָּמִיד׃ כְּנַעַן בְּיָדוֹ מֹאזְנֵי
9 מִרְמָה לַעֲשֹׁק אָהֵב׃ וַיֹּאמֶר אֶפְרַיִם אַךְ עָשַׁרְתִּי מָצָאתִי
י אוֹן לִי כָּל־יְגִיעַי לֹא יִמְצְאוּ־לִי עָוֹן אֲשֶׁר־חֵטְא׃ וְאָנֹכִי
יְהוָה אֱלֹהֶיךָ מֵאֶרֶץ מִצְרָיִם עֹד אוֹשִׁיבְךָ בָאֳהָלִים כִּימֵי
11 מוֹעֵד׃ וְדִבַּרְתִּי עַל־הַנְּבִיאִים וְאָנֹכִי חָזוֹן הִרְבֵּיתִי וּבְיַד
12 הַנְּבִיאִים אֲדַמֶּה׃ אִם־גִּלְעָד אָוֶן אַךְ־שָׁוְא הָיוּ בַּגִּלְגָּל
13 שְׁוָרִים זִבֵּחוּ גַּם מִזְבְּחוֹתָם כְּגַלִּים עַל תַּלְמֵי שָׂדָי׃ וַיִּבְרַח
יַעֲקֹב שְׂדֵה אֲרָם וַיַּעֲבֹד יִשְׂרָאֵל בְּאִשָּׁה וּבְאִשָּׁה שָׁמָר׃
14 וּבְנָבִיא הֶעֱלָה יְהוָה אֶת־יִשְׂרָאֵל מִמִּצְרָיִם וּבְנָבִיא נִשְׁמָר׃
טו הִכְעִיס אֶפְרַיִם תַּמְרוּרִים וְדָמָיו עָלָיו יִטּוֹשׁ וְחֶרְפָּתוֹ יָשִׁיב
לוֹ אֲדֹנָיו׃

יג יג

א כְּדַבֵּר אֶפְרַיִם רְתֵת נָשָׂא הוּא בְּיִשְׂרָאֵל וַיֶּאְשַׁם בַּבַּעַל
2 וַיָּמֹת׃ וְעַתָּה ׀ יוֹסִפוּ לַחֲטֹא וַיַּעֲשׂוּ לָהֶם מַסֵּכָה מִכַּסְפָּם
כִּתְבוּנָם עֲצַבִּים מַעֲשֵׂה חָרָשִׁים כֻּלֹּה לָהֶם הֵם אֹמְרִים
3 זֹבְחֵי אָדָם עֲגָלִים יִשָּׁקוּן׃ לָכֵן יִהְיוּ כַּעֲנַן־בֹּקֶר וְכַטַּל
4 מַשְׁכִּים הֹלֵךְ כְּמֹץ יְסֹעֵר מִגֹּרֶן וּכְעָשָׁן מֵאֲרֻבָּה׃ וְאָנֹכִי
יְהוָה אֱלֹהֶיךָ מֵאֶרֶץ מִצְרָיִם וֵאלֹהִים זוּלָתִי לֹא תֵדָע

קאפיטעל יב

1 אֶפְרַיִם הָאט מִיךְ אַרוּמגֶערינגעלט מִיט לִיגֶען, אוּנד דָאס הויזגעזינד פוּן יִשְׂרָאֵל מִיט בֶּעטְרִיגֶערייא, אָבֶּער יְהוּדָה הֶערשְׁט נָאךְ מִיט גָאט, אוּנד אִיז גֶעטְרֵייא מִיט דִיא הֵיילִיגֶע: 2 אֶפְרַיִם דֶערנֶעהְרְט זִיךְ פוּן דֶעם ווִינד, אוּנד יָאגְט נָאךְ דֶעם מִזְרַח־ווִינד, אַלֶע טָאג פֶערְמֶעהְרְט עֶר לִיגֶען אוּנד רוֹיבֶּעריִיא, אוּנד זֵייא הָאבֶּען כּוֹרֵת בְּרִית גֶעוֶועזֶען מִיט אַשּׁוּר, אוּנד קֵיין מִצְרַיִם וֶוערְט עֶהְל גֶעבְּרֶענְגְט: 3 דֶער הַאר הָאט אוֹיךְ אַ קְרִיג מִיט יְהוּדָה, אוּנד עֶר וֶועט יַעֲקֹב בֶּעשְׁטְרָאפֶען נָאךְ זֵיינֶע וֶועגֶען, אוּנד נָאךְ זֵיינֶע שְׁלֶעכְטֶע מַעֲשִׂים וֶועט עֶר אִיהְם צוּרִיקְקֶעהְרֶען: 4 וָוארִין שׁוֹין אִין זֵיין מוּטֶער'ס בּוֹיךְ הָאט עֶר זֵיין בְּרוּדֶער בֵּייא דֶעם טְרִיט אָנְגֶענוּמֶען, אוּנד מִיט זֵיין כֹּחַ הָאט עֶר גֶעהֶערְשְׁט אִיבֶּער גָאט: 5 יוֹא, עֶר הָאט גֶעהֶערְשְׁט אִיבֶּער דֶעם מַלְאָךְ אוּנד עֶר אִיז אִיהְם בֵּייגֶעקוּמֶען, עֶר הָאט גֶעוֵויינְט אוּנד עֶר הָאט צוּ אִיהְם גֶעבֶּעטֶען, עֶר הָאט אִיהְם גֶעפוּנֶען אִין בֵּית אֵל, אוּנד דָארְט הָאט עֶר מִיט אוּנְס גֶערֶעט: 6 דָאס אִיז גֶעוֶועזֶען יְהֹוָה דֶער גָאט פוּן דִיא חַיָּילוֹת, יְהֹוָה אִיז זֵיין גֶעדֶעכְטֶענִיס: 7 דָארִיבֶּער זָאלְסְט דוּא דִיךְ צוּרִיקְקֶעהְרֶען צוּ דֵיין גָאט, דוּא זָאלְסְט הִיטֶען חֶסֶד אוּנד מִשְׁפָּט, אוּנד דוּא זָאלְסְט בֶּעשְׁטֶענְדִיג הָאפֶען אוֹיף דֵיין גָאט: 8 (אָבֶּער עֶר אִיז ווִיא) אַ סוֹחֵר וָואס הָאט אִין זֵיינֶע הַאנְד פַאלְשֶׁע וָואגְשָׁאלֶען, עֶר הָאט לִיבּ צוּ אוּנְטֶערְדְרִיקֶען: 9 אוּנד אֶפְרַיִם הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ בִּין דָאךְ רֵייךְ גֶעוָוארֶען, אִיךְ הָאבּ פַאר מִיר אוֹיסְגֶעפִינֶען אַ פֶערְמֶעגֶען, אִין אַלֶע מֵיינֶע אַרְבֵּייט וֶועט מֶען נִיט אוֹיסְגֶעפִינֶען אֵיין אוּמְרֶעכְט וָואס אִיז אַ זִינְד: 10 אָבֶּער אִיךְ בִּין דֶער הַאר דֵיין גָאט פוּן דֶעם לַאנְד מִצְרַיִם הֶער, אִיךְ וֶועל דִיךְ נָאךְ מַאכֶען ווְאוֹינֶען אִין גֶעצֶעלְטֶען אַזוֹי ווִיא אִין דִיא טֶעג פוּן יוֹם טוֹב (סוּכּוֹת): 11 אוּנד אִיךְ הָאבּ אוֹיךְ גֶערֶעט דוּרְךְ דִיא נְבִיאִים, אוּנד אִיךְ הָאבּ פֶערְמֶעהְרְט נְבוּאוֹת, אוּנד דוּרְךְ דִיא נְבִיאִים הָאבּ אִיךְ גֶערֶעט (מְשָׁלִים) גְלֵייכְנִיסֶע: 12 אִיז דֶען אוּמְרֶעכְט אִין גִלְעָד? בֶּאֱמֶת זֵייא זֶענֶען פַאלְשׁ גֶעוָוארֶען, אִין גִלְגָל הָאבֶּען זֵייא גֶעשָׁאכְטֶען אָקְסֶען אַלְס קָרְבָּנוֹת, אוֹיךְ זֵייעֶרֶע מִזְבְּחוֹת, זֶענֶען אַזוֹי ווִיא הוֹיפֶען־שְׁטֵיינֶער אוֹיף דִיא בֶּערְגְלֶעךְ פוּן דֶעם פֶעלְד: 13 אוּנד יַעֲקֹב אִיז אַנְטְלָאפֶען צוּ דֶעם פֶעלְד פוּן אֲרָם, אוּנד יִשְׂרָאֵל הָאט גֶעדִינְט פַאר אַ ווַייבּ, אוּנד פַאר אַ ווַייבּ הָאט עֶר גֶעהִיט (דִיא שָׁאף): 14 אוּנד דוּרְךְ אַ נָבִיא הָאט גָאט אַרוֹיפְגֶעבְּרֶענְגְט יִשְׂרָאֵל אוֹיס מִצְרַיִם, אוּנד דוּרְךְ אַ נָבִיא הָאט עֶר זֵייא בֶּעהִיט: 15 אֶפְרַיִם הָאט אִיהְם בִּיטֶערְלִיךְ דֶערְצָארְנְט, דָארִיבֶּער וֶועט זֵיין בְּלוּט אוֹיף אִיהְם צוּרִיקְגֶעלָאזְט וֶוערֶען, אוּנד זֵיין הַאר וֶועט זֵיינֶע שַׁאנְד צוּ אִיהְם צוּרִיקְקֶעהְרֶען:

קאפיטעל יג

1 וֶוען אֶפְרַיִם הָאט גֶערֶעט מִיט צִיטֶערְנִיס אַזוֹי הָאט עֶר זִיךְ דֶערְהוֹיבֶּען אִין יִשְׂרָאֵל, אָבֶּער וֶוען עֶר הָאט זִיךְ פֶערְזִינְדִיגְט דוּרְךְ בַּעַל אַזוֹי אִיז עֶר גֶעשְׁטָארְבֶּען: 2 אָבֶּער אַצוּנְד הָאבֶּען זֵייא גֶעמֶעהְרְט צוּ זִינְדִיגֶען, אוּנד זֵייא הָאבֶּען זִיךְ גֶעמַאכְט אַ גֶעגָאסֶענֶעם גֶעצֶענְבִּילְד פוּן זֵייעֶר זִילְבֶּער, אוּנד גֶעצֶען נָאךְ זֵייעֶר אֵייגֶענֶעם פֶערְשְׁטַאנְד, גָאר אִים גַאנְצֶען דִיא אַרְבֵּייט פוּן אַ קִינְסְטְלֶער, זֵייא זָאגֶען צוּ זֵייא, לָאזֶען דִיא מֶענְשֶׁען וָואס זֶענֶען צוּ זֵייא מַקְרִיב קָרְבָּנוֹת קִישֶׁען דִיא קֶעלְבֶּער: 3 דָארִיבֶּער וֶועלֶען זֵייא זֵיין ווִיא דִיא פְרִיהְמָארְגֶען־וָואלְקֶען, אוּנד אַזוֹי ווִיא דֶער טְהוֹי פוּן דֶער פְרִיה וָואס פֶערְגֶעהְט, אוּנד אַזוֹי ווִיא שְׁטְרוֹי וָואס דֶער שְׁטוּרְמְווִינְד בְּלָאזְט אַוֶועק פוּן דִיא שֵׁייעֶר, אוּנד אַזוֹי ווִיא דֶער רוֹיךְ וָואס גֶעהְט אַרוֹיס פוּן דֶעם פֶענְסְטֶער: 4 אָבֶּער אִיךְ בִּין דֶער הַאר דֵיין גָאט, (וָואס הָאט דִיךְ אַרוֹיפְגֶעבְּרַאכְט) פוּן דֶעם לַאנְד מִצְרַיִם, אוּנד חוּץ מִיר זָאלְסְט דוּא קֵיין אַנְדֶערְן גָאט קֶענֶען,
וואָרִין

וּמוֹשִׁיעַ אַיִן בִּלְתִּי׃ אֲנִי יְדַעְתִּיךָ בַּמִּדְבָּר בְּאֶרֶץ תַּלְאֻבוֹת׃ ה
כְּמַרְעִיתָם וַיִּשְׂבָּעוּ שָׂבְעוּ וַיָּרָם לִבָּם עַל־כֵּן שְׁכֵחוּנִי׃ 6
וָאֱהִי לָהֶם כְּמוֹ־שָׁחַל כְּנָמֵר עַל־דֶּרֶךְ אָשׁוּר׃ אֶפְגְּשֵׁם 7 8
כְּדֹב שַׁכּוּל וְאֶקְרַע סְגוֹר לִבָּם וְאֹכְלֵם שָׁם כְּלָבִיא חַיַּת
הַשָּׂדֶה תְּבַקְּעֵם׃ שִׁחֶתְךָ יִשְׂרָאֵל כִּי־בִי בְעֶזְרֶךָ׃ אֱהִי 9 י
מַלְכְּךָ אֵפוֹא וְיוֹשִׁיעֲךָ בְּכָל־עָרֶיךָ וְשֹׁפְטֶיךָ אֲשֶׁר אָמַרְתָּ
תְּנָה־לִּי מֶלֶךְ וְשָׂרִים׃ אֶתֶּן־לְךָ מֶלֶךְ בְּאַפִּי וְאֶקַּח בְּעֶבְרָתִי׃ 11
צָרוּר עֲוֺן אֶפְרָיִם צְפוּנָה חַטָּאתוֹ׃ חֶבְלֵי יוֹלֵדָה יָבֹאוּ 12 13
לוֹ הוּא־בֵן לֹא חָכָם כִּי־עֵת לֹא־יַעֲמֹד בְּמִשְׁבַּר בָּנִים׃
מִיַּד שְׁאוֹל אֶפְדֵּם מִמָּוֶת אֶגְאָלֵם אֱהִי דְבָרֶיךָ מָוֶת אֱהִי 14
קָטָבְךָ שְׁאוֹל נֹחַם יִסָּתֵר מֵעֵינָי׃ כִּי הוּא בֵּין אַחִים יַפְרִיא טו
יָבוֹא קָדִים רוּחַ יְהוָה מִמִּדְבָּר עֹלֶה וְיֵבוֹשׁ מְקוֹרוֹ וְיֶחֱרַב
מַעְיָנוֹ הוּא יִשְׁסֶה אוֹצַר כָּל־כְּלִי חֶמְדָּה׃

יד יד

תֶּאְשַׁם שֹׁמְרוֹן כִּי מָרְתָה בֵּאלֹהֶיהָ בַּחֶרֶב יִפְּלוּ עֹלְלֵיהֶם א
יְרֻטָּשׁוּ וְהָרִיּוֹתָיו יְבֻקָּעוּ׃ שׁוּבָה יִשְׂרָאֵל עַד יְהוָה 2
אֱלֹהֶיךָ כִּי כָשַׁלְתָּ בַּעֲוֺנֶךָ׃ קְחוּ עִמָּכֶם דְּבָרִים וְשׁוּבוּ אֶל־ 3
יְהוָה אִמְרוּ אֵלָיו כָּל־תִּשָּׂא עָוֺן וְקַח־טוֹב וּנְשַׁלְּמָה פָרִים
שְׂפָתֵינוּ׃ אַשּׁוּר ׀ לֹא יוֹשִׁיעֵנוּ עַל־סוּס לֹא נִרְכָּב וְלֹא־ 4
נֹאמַר עוֹד אֱלֹהֵינוּ לְמַעֲשֵׂה יָדֵינוּ אֲשֶׁר־בְּךָ יְרֻחַם יָתוֹם׃
אֶרְפָּא מְשׁוּבָתָם אֹהֲבֵם נְדָבָה כִּי שָׁב אַפִּי מִמֶּנּוּ׃ אֶהְיֶה ה 6
כַטַּל לְיִשְׂרָאֵל יִפְרַח כַּשּׁוֹשַׁנָּה וְיַךְ שָׁרָשָׁיו כַּלְּבָנוֹן׃ יֵלְכוּ 7
יֹנְקוֹתָיו וִיהִי כַזַּיִת הוֹדוֹ וְרֵיחַ לוֹ כַּלְּבָנוֹן׃ יָשֻׁבוּ יֹשְׁבֵי 8
בְצִלּוֹ יְחַיּוּ דָגָן וְיִפְרְחוּ כַגָּפֶן זִכְרוֹ כְּיֵין לְבָנוֹן׃ אֶפְרַיִם 9
מַה־לִּי עוֹד לָעֲצַבִּים אֲנִי עָנִיתִי וַאֲשׁוּרֶנּוּ אֲנִי כִּבְרוֹשׁ רַעֲנָן

וואָרין חוּץ מיר איז קיין העלפער פער־
האַנדען: 5 איך האָב דיך געקענט אין
דער מדבּר, אין אַ טרוּקען לאַנד: 6 אַזוֹי
ווי זיי האָבען זיך געווייָדעט (געפּאַשעט)
אַזוֹי זענען זיי זאַט געוואָרען, אָבער ווען
זיי זענען זאַט געוואָרען אַזוֹי האָט זיך
זייער האַרץ דערהוֹיבען, דאַריבער האָבען
זיי מיך פערגעסען: 7 דאַרוּם וועל איך
צוּ זיי ווערען אַזוֹי ווי אַ לייבּ, אוּנד ווי
אַ לעמפּערט אוֹיף דעם וועג קיין אַשוּר:
8 איך וועל זיי בּעגעגנען ווי אַ בּערויבּ־
טער בּער פוּן איהרע יוּנגען, אוּנד איך וועל
צוּרייסען זייער פערשלאָסען האַרץ, אוּנד
איך וועל זיי דאָרט אוֹיפעסען ווי אַ יוּנ־
גער לייבּ, אוּנד די חיות פוּן דעם פעלד
וועלען זיי צוּשפּאַלטען: 9 אוֹי, ישׂראל,
דוּא האָסט דיך אַליין פערדאָרבּען, אָבער
דיינע הילף איז אין מיר: 10 איך וויל זיין
דיין מלך, אַוואוּ איז איין אַנדערער וואָס
זאָל דיר העלפען אין אַלע דיינע שטעט?
אוּנד פוּן וועגען דיינע שוֹפטים וואָס דוּא
האָסט געזאָגט, גיב מיר אַ מלך אוּנד פירשׁ־
טען? 11 איך האָב דיר געגעבען אַ מלך אין מיין צאָרן, אָבער איך וועל איהם אַוועק־
נעמען אין מיין גרימצאָרן: 12 די זינד פוּן אפרים איז פערבּוּנדען, זיינע זינד זענען פער־
באָרגען: 13 געבּוּרטס שמערצען פוּן אַ געווינערין זענען צוּ איהם געקוּמען, ער איז אַ
זוּהן וואָס איז ניט קלוּג, דאַרוּם וועט צוּ איהם קוּמען אַ צייט וואָס ער וועט ניט קענען בּע־
שטעהן אין דעם בּראָכשטוּל ווען מען געווינט קינדער: 14 איך וועל זיי דערלעזען פוּן
דעם שאול, פוּן דעם טוֹיט וועל איך זיי דערלעזען, איך וועל זיין דיינע פּלאָג, אוֹי טוֹיט,
איך וועל זיין דיינע פערטילגוּנג, אוֹי שאול! די תּשוּבה איז פערבּאָרגען פוּן מיינע אוֹיגען:
15 חאָטשע ער וועט זיין פרוּכטבּאַר צווישען די בּרידער, דאָך וועט קוּמען אַ מזרח ווינד
פוּן גאָט, ער וועט אוֹיפגעהן פוּן דער מדבּר, אוּנד ער וועט פערדאַרען אוּנד אוֹיסטריקענען
זיין קוואַל, ער וועט רוֹיבּען דעם אוֹצר פוּן אַלע גלוּסטיגע כלים:

## קאַפּיטעל יד

1 שׁמרוֹן זאָל פערוויסט ווערען, וואָרין זי האָט מוֹרד געווען קעגען איהר גאָט, זיי
וועלען פאַלען דוּרך דעם שווערד, איהרע יוּנגע קינדער וועלען צוּהאַקט ווערען, אוּנד
איהרע טראָגעדיגע ווייבּער וועלען צוּשפּאַלטען ווערען: 2 אוֹי ישׂראל, קעהר דיך אוּם
צוּ דעם האר דיין גאָט! וואָרין דוּא בּיזט געפאַלען דוּרך דיינע זינד: 3 נעמט מיט אייך
ווערטער אוּנד קעהרט אייך אוּם צוּ גאָט, זאָגט צוּ איהם, פערגיב אוּנס אַלע אוּנזערע זינד,
אוּנד נעם אוּנס אָן צוּם גוּטען, אַזוֹי וועלען מיר בּעצאָהלען לוֹיבּ (קרבּנוֹת) מיט אוּנזערע
ליפּען: 4 אשוּר זאָל אוּנס ניט העלפען, מיר ווילען ניט רייטען אוֹיף פערד, אוּנד מיר
וועלען ניט מעהר זאָגען אַז די מעשׂים פוּן אוּנזערע הענד זענען אוּנזערע געטער, וואָרין
אין דיר אַליין געפינט דער יתוֹם דערבּאַרמוּנג: 5 איך וועל היילען זייערע אָפּקעהרוּנג אוּנד
איך וועל זיי ליבּען פרייוויליג, וואָרין מיין צאָרן האָט זיך פוּן איהם אָפּגעקעהרט: 6 איך
וועל זיין אַזוֹי ווי טהוֹי צוּ ישׂראל, ער וועט בּליהען אַזוֹי ווי די רוֹיז, אוּנד ער וועט
אוֹיסשלאָגען זיינע וואָרצלען אַזוֹי ווי דער לבנוֹן: 7 זיינע יוּנגע צווייגען וועלען געהן
(זיך אוֹיסשפּרייטען) אוּנד זיינע שעהנהייט וועט זיין אַזוֹי ווי דער איילבּערט־בּוֹים, אוּנד
זיין (ריח) געשמאַק וועט זיין אַזוֹי ווי לבנוֹן: 8 די וואָס וואוֹינען אוּנטער זיין שאָטען
וועלען צוּריקקעהרען, זיי וועלען אוֹיפלעבּען ווי דאָס קאָרן, אוּנד זיי וועלען בּליהען
אַזוֹי ווי אַ וויינשטאָק, זיין אָנדענקען וועט זיין אַזוֹי ווי דער וויין פוּן לבנוֹן: 9 אפרים
וועט זאָגען, וואָס האָב איך נאָך מעהר צוּ טהוּן מיט אָפּגעטער? איך האָב איהם געענטפערט
איך וועל ווידער אוֹיף איהם קוּקען, איך וועל זיין אַזוֹי ווי אַ צווייגעדיגער בּוּקסען־בּוֹים,

י מִמֶּנִּי פֶּרְיְךָ נִמְצָא׃ מִי חָכָם וְיָבֵן אֵלֶּה נָבוֹן וְיֵדָעֵם כִּי־
יְשָׁרִים דַּרְכֵי יְהוָה וְצַדִּקִים יֵלְכוּ בָם וּפֹשְׁעִים יִכָּשְׁלוּ בָם׃

# יואל

2 א דְּבַר־יְהוָה אֲשֶׁר הָיָה אֶל־יוֹאֵל בֶּן־פְּתוּאֵל׃ שִׁמְעוּ־
זֹאת הַזְּקֵנִים וְהַאֲזִינוּ כֹּל יוֹשְׁבֵי הָאָרֶץ הֶהָיְתָה זֹּאת
3 בִּימֵיכֶם וְאִם בִּימֵי אֲבֹתֵיכֶם׃ עָלֶיהָ לִבְנֵיכֶם סַפֵּרוּ וּבְנֵיכֶם
4 לִבְנֵיהֶם וּבְנֵיהֶם לְדוֹר אַחֵר׃ יֶתֶר הַגָּזָם אָכַל הָאַרְבֶּה
וְיֶתֶר הָאַרְבֶּה אָכַל הַיָּלֶק וְיֶתֶר הַיֶּלֶק אָכַל הֶחָסִיל׃
ה הָקִיצוּ שִׁכּוֹרִים וּבְכוּ וְהֵילִלוּ כָּל־שֹׁתֵי יָיִן עַל־עָסִיס כִּי
6 נִכְרַת מִפִּיכֶם׃ כִּי־גוֹי עָלָה עַל־אַרְצִי עָצוּם וְאֵין מִסְפָּר
7 שִׁנָּיו שִׁנֵּי אַרְיֵה וּמְתַלְּעוֹת לָבִיא לוֹ׃ שָׂם גַּפְנִי לְשַׁמָּה
וּתְאֵנָתִי לִקְצָפָה חָשֹׂף חֲשָׂפָהּ וְהִשְׁלִיךְ הִלְבִּינוּ שָׂרִיגֶיהָ׃
8 9 אֱלִי כִּבְתוּלָה חֲגֻרַת־שַׂק עַל־בַּעַל נְעוּרֶיהָ׃ הָכְרַת מִנְחָה
י וָנֶסֶךְ מִבֵּית יְהוָה אָבְלוּ הַכֹּהֲנִים מְשָׁרְתֵי יְהוָה׃ שֻׁדַּד
שָׂדֶה אָבְלָה אֲדָמָה כִּי שֻׁדַּד דָּגָן הוֹבִישׁ תִּירוֹשׁ אֻמְלַל
11 יִצְהָר׃ הֹבִישׁוּ אִכָּרִים הֵילִילוּ כֹּרְמִים עַל־חִטָּה וְעַל־
12 שְׂעֹרָה כִּי אָבַד קְצִיר שָׂדֶה׃ הַגֶּפֶן הוֹבִישָׁה וְהַתְּאֵנָה
אֻמְלָלָה רִמּוֹן גַּם־תָּמָר וְתַפּוּחַ כָּל־עֲצֵי הַשָּׂדֶה יָבֵשׁוּ כִּי־
13 הֹבִישׁ שָׂשׂוֹן מִבְּנֵי אָדָם׃ חִגְרוּ וְסִפְדוּ הַכֹּהֲנִים
הֵילִילוּ מְשָׁרְתֵי מִזְבֵּחַ בֹּאוּ לִינוּ בַשַּׂקִּים מְשָׁרְתֵי אֱלֹהָי
14 כִּי נִמְנַע מִבֵּית אֱלֹהֵיכֶם מִנְחָה וָנָסֶךְ׃ קַדְּשׁוּ־צוֹם
קִרְאוּ עֲצָרָה אִסְפוּ זְקֵנִים כֹּל יֹשְׁבֵי הָאָרֶץ בֵּית יְהוָה
טו אֱלֹהֵיכֶם וְזַעֲקוּ אֶל־יְהוָה׃ אֲהָהּ לַיּוֹם כִּי קָרוֹב יוֹם
16 יְהוָה וּכְשֹׁד מִשַּׁדַּי יָבוֹא׃ הֲלוֹא נֶגֶד עֵינֵינוּ אֹכֶל נִכְרָת

פון מיר וועלען דיינע פירות געפונען ווע־רען: 10 ווער איז א חָכָם דער וועט דָאס דָאזיגע פערשטעהן, א פערשטענדיגער, אונד ער וועט זייא וויסען, ווָארין דיא וועגען פון גָאט זענען אויפריכטיג, אונד דיא צדיקים וועלען אין זייא געהען, אָבער דיא פּושעים וועלען אין זייא שטרויכלען (פאלען):

# יואל

1 דָאס איז דָאס וָוארט פון גָאט וָואס איז געוועזען צו יואל בן־פּתואל: 2 הערט דָאס דָאזיגע איהר זקנים, אונד פערנעמט עס אַלע איהר בעוואוינער פון דעם לַאנד, איז דען זָאלכעס געוועזען אין אייערע טעג? אָדער אין דיא טעג פון אייערע עלטערן? 3 דערצעהלט דָאך דערפון צו אייערע קינדער, אונד אייערע קינדער צו זייערע קינדער, אונד צו אַנדערע דורות: 4 דָאס וָואס איז איבערגעבליבען פון דעם היי־שעריק (גָזָם) דָאס הָאט דער אַרבֶּה אויפ־געפרעסען, אונד דָאס וָואס דער אַרבֶּה הָאט איבערגעלָאזט הָאט דער יֶלֶק אויפגעפרעסען, אונד דָאס וָואס דער יֶלֶק הָאט איבער־געלָאזט דָאס הָאט דער חָסִיל אויפגעפרעסען: 5 דערוועקט אייך, איהר שכּורים, אונד וויינט אונד קלָאגט אַלע וָואס טרינקען וויין, וועגען דעם נייעם וויין, ווָארין עס איז אָפּגע־שניטען פון אייער מויל: 6 ווָארין אַ פָאלק איז ארויפגעגאנגען אויף מיין לַאנד, אַ שטַארקעס (פָאלק) אָהן אַ צָאהל, זיינע ציין זענען אַזוי וויא דיא ציין פון אַ לייב, אונד ער הָאט זיינע באַק־ציין אַזוי וויא פון אַ לעמפּערט: 7 זייא הָאבען מיין ווייגשטָאק וויסט געמאַכט, אונד מיין פייגענבוים אָפּגעשעהלט, ער הָאט אָפּגעשעפּעהלט זיינע רינד אונד הָאט זייא אַוועקגעוָוארפען, זיינע צווייגען זענען וויים געוָוארען: 8 קלָאג וויא אַ יונגפרויא, וָואס גַארט אָן אַ זַאק וועגען דעם מַאן פון איהרע יוגענד: 9 דָאס קָרבָּן מִנחָה אונד דָאס קָרבָּן נֶסֶךְ זענען אָפּגעשניטען פון דעם האר'ס הויז, טרויערט, אוי איהר כֹּהֲנים, איהר משרתים פון דעם האר: 10 דָאס פעלד איז בערויבט געוָוארען, דיא ערד טרויערט, ווייל דָאס קָארן איז בערויבט געוָוארען, דער וויין איז פערדַארט געוָוארען, אונד דער עהל־בוים איז פער־שמַאכט (פערוועלקט) געוָוארען: 11 אוי איהר אַקערלייט זייט פערשעמט! אוי איהר וויינגערטנער קלָאגט! איבער דעם ווייץ אונד איבער דיא גערשט, ווָארין דיא געשניטענע תבואה פון דעם פעלד איז פערלוירען געוָוארען: 12 דער ווייגשטָאק איז פערדַארט, אונד דער פייגענבוים איז פערוועלקט געוָוארען, דער מילגרוים־בוים אויך דער טייטעל־בוים אונד דער פָאמעראַנצען־בוים, אַלע ביימער פון דעם פעלד זענען פערדַארט געוָוארען, דָאריבער איז אויך דיא פרייד פון דיא מענשען־קינדער פערדַארט (אויפגעהערט): 13 בעגַארטעלט אייך (מיט זעק), אונד קלָאגט, אוי איהר כֹּהֲנים, טרויערט, אוי איהר משרתים פון דעם מזבח, קומט אונד איבערנעכטיגט מיט זעק, איהר משרתים פון גָאט! ווייל דָאס קָרבָּן מִנחָה אונד דָאס קָרבָּן נֶסֶךְ הָאבען אויפגעהערט פון דעם הויז פון אייער גָאט: 14 הייליגט אַ פַאסט־טָאג, רופט אויס אַ (הייליגע) פערזַאמלונג, פערזַאמעלט דיא עלצטע, יוא אַלע בעוואוינער פון דעם לַאנד, צו דעם הויז פון דעם האר אייער גָאט, אונד שרייט צו גָאט: 15 אוי וועה! וָואס איז דָאס פַאר אַ טָאג! ווָארין דער (שרעקליכער) טָאג פון גָאט איז נָאהענט, אַזוי וויא אַ רויבער פון דעם אַלמעכטיגען (גָאט) וועט ער אָנ־קומען: 16 איז דען ניט דָאס עסען אָפּגעשניטען געוָוארען פַאר אונזערע אויגען?
אונד

17 מִבֵּית אֱלֹהֵינוּ שִׂמְחָה וָגִיל׃ עָבְשׁוּ פְרֻדוֹת תַּחַת
מֶגְרְפֹתֵיהֶם נָשַׁמּוּ אֹצָרוֹת נֶהֶרְסוּ מַמְּגֻרוֹת כִּי הֹבִישׁ דָּגָן׃
18 מַה־נֶּאֶנְחָה בְהֵמָה נָבֹכוּ עֶדְרֵי בָקָר כִּי אֵין מִרְעֶה לָהֶם
19 גַּם־עֶדְרֵי הַצֹּאן נֶאְשָׁמוּ׃ אֵלֶיךָ יְהוָה אֶקְרָא כִּי־אֵשׁ אָכְלָה
כ נְאוֹת מִדְבָּר וְלֶהָבָה לִהֲטָה כָּל־עֲצֵי הַשָּׂדֶה׃ גַּם־בַּהֲמוֹת
שָׂדֶה תַּעֲרוֹג אֵלֶיךָ כִּי יָבְשׁוּ אֲפִיקֵי מָיִם וְאֵשׁ אָכְלָה
נְאוֹת הַמִּדְבָּר׃

## ב

ב

א תִּקְעוּ שׁוֹפָר בְּצִיּוֹן וְהָרִיעוּ בְּהַר קָדְשִׁי יִרְגְּזוּ כֹּל יֹשְׁבֵי
2 הָאָרֶץ כִּי־בָא יוֹם־יְהוָה כִּי קָרוֹב׃ יוֹם חֹשֶׁךְ וַאֲפֵלָה יוֹם
עָנָן וַעֲרָפֶל כְּשַׁחַר פָּרֻשׂ עַל־הֶהָרִים עַם רַב וְעָצוּם כָּמֹהוּ
לֹא נִהְיָה מִן־הָעוֹלָם וְאַחֲרָיו לֹא יוֹסֵף עַד־שְׁנֵי דּוֹר וָדוֹר׃
3 לְפָנָיו אָכְלָה אֵשׁ וְאַחֲרָיו תְּלַהֵט לֶהָבָה כְּגַן־עֵדֶן הָאָרֶץ
לְפָנָיו וְאַחֲרָיו מִדְבַּר שְׁמָמָה וְגַם־פְּלֵיטָה לֹא־הָיְתָה לּוֹ׃
4 ה כְּמַרְאֵה סוּסִים מַרְאֵהוּ וּכְפָרָשִׁים כֵּן יְרוּצוּן׃ כְּקוֹל
מַרְכָּבוֹת עַל־רָאשֵׁי הֶהָרִים יְרַקֵּדוּן כְּקוֹל לַהַב אֵשׁ אֹכְלָה
6 קָשׁ כְּעַם עָצוּם עֱרוּךְ מִלְחָמָה׃ מִפָּנָיו יָחִילוּ עַמִּים כָּל־
7 פָּנִים קִבְּצוּ פָארוּר׃ כְּגִבּוֹרִים יְרֻצוּן כְּאַנְשֵׁי מִלְחָמָה
יַעֲלוּ חוֹמָה וְאִישׁ בִּדְרָכָיו יֵלֵכוּן וְלֹא יְעַבְּטוּן אֹרְחוֹתָם׃
8 וְאִישׁ אָחִיו לֹא יִדְחָקוּן גֶּבֶר בִּמְסִלָּתוֹ יֵלֵכוּן וּבְעַד הַשֶּׁלַח
9 יִפֹּלוּ לֹא יִבְצָעוּ׃ בָּעִיר יָשֹׁקּוּ בַּחוֹמָה יְרֻצוּן בַּבָּתִּים יַעֲלוּ
י בְּעַד הַחַלּוֹנִים יָבֹאוּ כַּגַּנָּב׃ לְפָנָיו רָגְזָה אֶרֶץ רָעֲשׁוּ שָׁמָיִם
11 שֶׁמֶשׁ וְיָרֵחַ קָדָרוּ וְכוֹכָבִים אָסְפוּ נָגְהָם׃ וַיהוָה נָתַן קוֹלוֹ
לִפְנֵי חֵילוֹ כִּי רַב מְאֹד מַחֲנֵהוּ כִּי עָצוּם עֹשֵׂה דְבָרוֹ כִּי־
12 גָדוֹל יוֹם־יְהוָה וְנוֹרָא מְאֹד וּמִי יְכִילֶנּוּ׃ וְגַם־עַתָּה נְאֻם־
יְהוָה שֻׁבוּ עָדַי בְּכָל־לְבַבְכֶם וּבְצוֹם וּבִבְכִי וּבְמִסְפֵּד׃
13 וְקִרְעוּ לְבַבְכֶם וְאַל־בִּגְדֵיכֶם וְשׁוּבוּ אֶל־יְהוָה אֱלֹהֵיכֶם
כִּי־חַנּוּן וְרַחוּם הוּא אֶרֶךְ אַפַּיִם וְרַב־חֶסֶד וְנִחָם עַל־

אונד פון דעם הויז פון אונזער גאט די שמחה אונד פרייד? 17 די קערנער זענען פערפוילט (אדער פערשימעלט) געווארען אונטער דער ערד, די אוצרות זענען פערוויסט געווארען, די שייערס פון דער תבואה זענען אפגעבראכען ווייל דאס קארן איז פערדארט געווארען: 18 אוי, וויא זיפצען די בהמות! אוי וויא זענען די רינדער פערבלאנדזשעט! ווייל עס איז ניט דא פאר זייא קיינע פאשע, אויך די סטאדעס פון שאף זענען פערוויסט: 19 צו דיר, אוי האר, רוף איך, וואָרין א פייער האט פערברענט די ווילדע ערטער פון דער מדבר, אונד א פלאם האט אנגעצינדען אלע ביימער פון דעם פעלד: 20 יא, אפילו די חיות פון דעם פעלד שרייען צו דיר, וואָרין די טייכען וואסער זענען פערטרוקענט געווארען, אונד א פייער האט פערברענט די ווילדע ערטער פון דער מדבר:

### קאפיטעל ב

1 בלאזט דעם שופר אין ציון, אונד שאלט אויף מיין הייליגען בארג, לאזען אלע בעוואוינער פון דעם לאנד ציטערן, וואָרין דער טאג פון גאט קומט אן, וואָרין ער איז נאהענט: 2 עס איז א טאג פון פינסטערניס אונד טונקעלהייט, עס איז א טאג פון א פינסטערן וואלקען אונד נעפעל, אזוי וויא דער פריהמארגען (פאר טאג) וואס שפרייט זיך אויס אויף די בערג, א גרויס אונד שטארק פאלק (קומט אן) זיין גלייכען איז ניט געוועזען פון עביג־קייט אן, אונד נאך איהם וועט ניט מעהר זיין אזאלכעס פון דור צו דור: 3 פאר איהם וועט א פייער פערברענען, אונד הינטער איהם וועט א פלאם ברענען, אזוי וויא דער גן־עדן איז דאס לאנד פאר איהם געוועזען, אונד הינטער איהם איז די מדבר פערוויסט געווארען, אונד עס איז אויך קיינע אנטרינונג פאר איהם געוועזען: 4 זיין אויסזעהען איז געוועזען אזוי וויא דאס אויסזעהען פון פערד, אונד וויא די פלינקע רייטער אזוי זענען זייא געלאפען: 5 אזוי וויא דאס קול פון רייטוועגען אויף די שפיציגע בערג וואס שפרינגען, אזוי וויא דאס קול פון א פייערפלאם וואס פערברענט שטרוי, אזוי וויא א שטארק פאלק וואס איז אנגעברייט צו דער מלחמה: 6 פאר איהם ציטערן די פעלקער, אלע פענעמער וואס זענען פערזאמעלט זענען שווארץ געווארען: 7 זייא וועלען לויפען אזוי וויא גבורים, זייא וועלען ארויפגעהן אויף די מויער אזוי וויא מלחמה־לייט, אונד איטליכער וועט געהן אין זיינע וועגען, אונד זייא וועלען זיך ניט אפנייגען פון זיירע שטעגען: 8 אונד איינער וועט ניט שטויסען דעם אנדערן, איטליכער וועט געהן אין זיינע שטעגען, אונד ווען זייא וועלען אויך פאלען דורך די פייל אזוי ווערען זייא דאך ניט פערוואונדעט: 9 זייא וועלען זיך וואפענען אין די שטאט, זייא וועלען לויפען אויף די מויער אונד ארויפגעהן אין די הייזער, זייא וועלען אריינקומען דורך די פענסטער אזוי וויא א גנב: 10 פאר איהם וועט די ערד ציטערן, די הימעל וועלען רוישען, די זון אונד די לבנה וועלען שווארץ ווערען, אונד די שטערן האבען אויפגעהערט צו שיינען: 11 אבער דער האר וועט לאזען הערען זיין קול פאר זיין חיל, וואָרין זיינע מחנה איז זעהר גרויס, וואָרין דער וואס איז שטארק וועט טהון זיין ווארט, וואָרין דער טאג פון דעם האר איז גרויס אונד זעהר פארכטערליך, ווער וועט איהם קענען דערליידען? 12 אונד אויך אצונד זאגט דער האר, קעהרט אייך אום צו מיר מיט אייער גאנצען הארץ, אונד מיט פאסטען אונד מיט געוויין אונד מיט קלאג: 13 אונד צורייסט אייער הארץ אונד ניט אייערע קליידער אונד קעהרט אייך אום צו דעם האר אייער גאט, וואָרין ער איז לייטזעליג אונד בארמ־הערציג, אונד ער איז לאנגמיטיג אונד פון פיל חסד, אונד ער האט חרטה אויף

דעם

14 הָרָעָה׃ מִי יוֹדֵעַ יָשׁוּב וְנִחָם וְהִשְׁאִיר אַחֲרָיו בְּרָכָה
טו מִנְחָה וָנֶסֶךְ לַיהוָה אֱלֹהֵיכֶם׃ תִּקְעוּ שׁוֹפָר בְּצִיּוֹן
16 קַדְּשׁוּ־צוֹם קִרְאוּ עֲצָרָה׃ אִסְפוּ־עָם קַדְּשׁוּ קָהָל קִבְצוּ
זְקֵנִים אִסְפוּ עוֹלָלִים וְיֹנְקֵי שָׁדָיִם יֵצֵא חָתָן מֵחֶדְרוֹ וְכַלָּה
17 מֵחֻפָּתָהּ׃ בֵּין הָאוּלָם וְלַמִּזְבֵּחַ יִבְכּוּ הַכֹּהֲנִים מְשָׁרְתֵי
יְהוָה וְיֹאמְרוּ חוּסָה יְהוָה עַל־עַמֶּךָ וְאַל־תִּתֵּן נַחֲלָתְךָ
לְחֶרְפָּה לִמְשָׁל־בָּם גּוֹיִם לָמָּה יֹאמְרוּ בָעַמִּים אַיֵּה
18 19 אֱלֹהֵיהֶם׃ וַיְקַנֵּא יְהוָה לְאַרְצוֹ וַיַּחְמֹל עַל־עַמּוֹ׃ וַיַּעַן יְהוָה
וַיֹּאמֶר לְעַמּוֹ הִנְנִי שֹׁלֵחַ לָכֶם אֶת־הַדָּגָן וְהַתִּירוֹשׁ וְהַיִּצְהָר
כ וּשְׂבַעְתֶּם אֹתוֹ וְלֹא־אֶתֵּן אֶתְכֶם עוֹד חֶרְפָּה בַּגּוֹיִם׃ וְאֶת־
הַצְּפוֹנִי אַרְחִיק מֵעֲלֵיכֶם וְהִדַּחְתִּיו אֶל־אֶרֶץ צִיָּה וּשְׁמָמָה
אֶת־פָּנָיו אֶל־הַיָּם הַקַּדְמֹנִי וְסֹפוֹ אֶל־הַיָּם הָאַחֲרוֹן וְעָלָה
21 בָאְשׁוֹ וְתַעַל צַחֲנָתוֹ כִּי הִגְדִּיל לַעֲשׂוֹת׃ אַל־תִּירְאִי אֲדָמָה
22 גִּילִי וּשְׂמָחִי כִּי־הִגְדִּיל יְהוָה לַעֲשׂוֹת׃ אַל־תִּירְאוּ בַּהֲמוֹת
שָׂדַי כִּי דָשְׁאוּ נְאוֹת מִדְבָּר כִּי־עֵץ נָשָׂא פִרְיוֹ תְּאֵנָה וָגֶפֶן
23 נָתְנוּ חֵילָם׃ וּבְנֵי צִיּוֹן גִּילוּ וְשִׂמְחוּ בַּיהוָה אֱלֹהֵיכֶם כִּי־
נָתַן לָכֶם אֶת־הַמּוֹרֶה לִצְדָקָה וַיּוֹרֶד לָכֶם גֶּשֶׁם מוֹרֶה
24 וּמַלְקוֹשׁ בָּרִאשׁוֹן׃ וּמָלְאוּ הַגֳּרָנוֹת בָּר וְהֵשִׁיקוּ הַיְקָבִים
כה תִּירוֹשׁ וְיִצְהָר׃ וְשִׁלַּמְתִּי לָכֶם אֶת־הַשָּׁנִים אֲשֶׁר אָכַל
הָאַרְבֶּה הַיֶּלֶק וְהֶחָסִיל וְהַגָּזָם חֵילִי הַגָּדוֹל אֲשֶׁר שִׁלַּחְתִּי
26 בָּכֶם׃ וַאֲכַלְתֶּם אָכוֹל וְשָׂבוֹעַ וְהִלַּלְתֶּם אֶת־שֵׁם יְהוָה
אֱלֹהֵיכֶם אֲשֶׁר־עָשָׂה עִמָּכֶם לְהַפְלִיא וְלֹא־יֵבֹשׁוּ עַמִּי
27 לְעוֹלָם׃ וִידַעְתֶּם כִּי בְקֶרֶב יִשְׂרָאֵל אָנִי וַאֲנִי יְהוָה
אֱלֹהֵיכֶם וְאֵין עוֹד וְלֹא־יֵבֹשׁוּ עַמִּי לְעוֹלָם׃

ג ג

א וְהָיָה אַחֲרֵי־כֵן אֶשְׁפּוֹךְ אֶת־רוּחִי עַל־כָּל־בָּשָׂר וְנִבְּאוּ
בְּנֵיכֶם וּבְנוֹתֵיכֶם זִקְנֵיכֶם חֲלֹמוֹת יַחֲלֹמוּן בַּחוּרֵיכֶם
2 חֶזְיֹנוֹת יִרְאוּ׃ וְגַם עַל־הָעֲבָדִים וְעַל־הַשְּׁפָחוֹת בַּיָּמִים

דעם שלעכטען: 14 ווער ווייסט עס אויב ער וועט זיך אומקעהרען אונד חרטה האבען, אונד הינטער זיך איבערלאזען א ברכה, א קרבן מנחה, אונד א קרבן נסך צו דעם האר אייער גאט: 15 בלאזט דעם שופר אין ציון, היילגט א פאסט־טאג, רופט צוזאמען א היילגע פערזאמלונג: 16 פערזאמעלט דאס פאלק, היילגט דאס קהל, אונד פערזאמעלט דיא זקנים, זאמעלט איין דיא יונגע קינדער, אונד דיא וואס זייגען אן דיא ברוסט, לאז דער חתן ארויסגעהן פון זיין חדר אונד דיא כלה פון איהרע חופה: 17 צווישען דעם פארהויף אונד דעם מזבח זאלען דיא כהנים וויינען, דיא משרתים פון דעם האר, אונד זייא זאלען זאגען, אוי האר, דערבארם דיך דאך איבער דיין פאלק, אונד דוא זאלסט ניט איבערגעבען דיינע נחלה צו שאנד כדי דיא גוים זאלען איבער זייא געוועלטיגען; פארוואס זאלען זייא זאגען צווישען דיא פעלקער, אוואו איז זייער גאט? 18 דערנאך וועט זיך דער האר נוקם זיין וועגען זיין לאנד, אונד ער וועט זיך דערבארמען איבער זיין פאלק: 19 אונד דער האר האט געענטפערט אונד ער האט געזאגט צו זיין פאלק, זעהט איך וועל צו אייך שיקען דאס קארן אונד וויין אונד עהל, אונד איהר וועט אייך דערמיט זעטיגען, אונד איך וועל אייך ניט מעהר אפגעבען צו א שאנד אונטער דיא גוים: 20 אונד איך וועל דערווייטערן פון אייך דאס חיל פון דעם צפוני, אונד איך וועל איהם פערשטויסען אין א וויסט אונד טרוקען לאנד, מיט זיין פנים קעגען דער מזרח־זייט פון דעם ים, אונד זיין סוף קעגען דעם הינטערשטען ים צו, אונד זיין געשטאנק זאל ארויפקומען, אונד אויך זיין פוילער גערוך, וואריין ער (גאט) האט גרויסעס געטהון: 21 אוי דוא לאנד, האב ניט קיין מורא, זייא לוסטיג אונד פרייא דיך, ווארין דער האר האט גרויסעס געטהון: 22 האט ניט קיין מורא, אוי איהר בהמות פון דעם פעלד, ווארין דיא ווידע ערטער אין דער מדבר וועלען האבען גראז, ווארין דיא ביימער וועלען טראגען זייערע פירות, דער פייגענבוים אונד וויינשטאק וועלען געבען זייערע כחות: 23 דאריבער, אוי איהר קינדער פון ציון פרייעט אייך אונד זייט אייך משמח אין דעם האר, אייער גאט, ווארין ער וועט צו אייך געבען דעם פריה־רעגען מיט גערעכטיגקייט, אונד ער וועט צו אייך ארופנידערן דעם פריה־רעגען אונד שפעט־רעגען אזוי וויא צוערשט: 24 אז דיא שייערם זאלען פול ווערען מיט תבואה, אונד דיא קעלטער וועלען איבער פול זיין מיט וויין אונד מיט עהל: 25 אונד איך וועל אייך בעצאהלען פאר דיא יאהרען וואס דיא היישעריקען ארבה, ילק אונד חסיל אונד דער גזם האבען אויפגעפרעסען, מיין גרויסעס חיל וואס איך האב קעגען אייך געשיקט: 26 אונד איהר וועט האבען פיל צו עסען כדי איהר זאלט זאט ווערען, אונד איהר וועט לויבען דעם נאמען פון דעם האר אייער גאט, וואס האט מיט אייך געטהון (נסים) צו בעוואונדערן, אונד מיין פאלק וועט אויף עביג ניט מעהר פערשעמט ווערען: 27 אונד איהר וועט וויסען אז איך בין צווישען ישראל, אונד אז איך בין דער האר אייער גאט, אונד עס איז קיין אנדערער, אונד מיין פאלק וועט אויף עביג ניט מעהר פערשעמט ווערען:

קאפיטעל ג

1 אונד עס וועט זיין נאכדעם, אזוי וועל איך אויסגיסען מיין רוח הקודש איבער אלע מענשען, אונד אייערע זיהן אונד אייערע טעכטער וועלען נבואות זאגען, אייערע אלטע לייט וועלען חלומות חלומ'ען, אונד אייערע יונגע לייט וועלען זעהען נבואות: 2 אונד אויך איבער דיא קנעכט אונד דינסטמעדען וועל איך אין דיא דאזיגע טעג

אויסגיסען

אויסגיסען מיין רוח הקודש: 3 אונד איך וועל געבען וואונדער אין דעם הימעל אונד אויף דער ערד, בלוט אונד פייער אונד רויך־זיילען: 4 דיא זון זאל פערקעהרט ווערען אין פינסטערניס, אונד דיא לבנה צו בלוט, איידער דער גרויסער אונד פארכטערליכער טאג פון דעם האר ווערט אנקומען: 5 אונד עס ווערט זיין אז איטליכער וואס ווערט אנרופען אין דעם נאמען פון דעם האר, ווערט אנטרינען, ווארין אויף דעם בארג ציון אונד אין ירושלים ווערט זיין איינע אנטרינונג, אזוי וויא דער האר האט צוגעזאגט, אונד אויך צווישען דיא איבערגעבליבענע וואס דער האר ווערט רופען:

קאפיטעל ד

1 ווארין זעה, אין דיא דאזיגע טעג אונד אין דיא דאזיגע צייט ווען איך וועל צוריקברענגען דיא געפאנגענשאפט פון יהודה אונד ירושלים: 2 אזוי וועל איך פערזאמעלן אלע גוים, אונד איך וועל זייא מאכען ארופנידערן צו דעם טהאל פון יהושפט, אונד איך וועל מיך מיט זייא דארטען משפט'ן, וועגען מיין פאלק אונד וועגען ישראל מיין נחלה וואס זייא האבען צושטרייעט צווישען דיא גוים, אונד וועגען מיין לאנד וואס זייא האבען זיך צוטיילט: 3 אונד זייא האבען איבער מיין פאלק גורל געווארפען, אונד זייא האבען אוועקגעגעבען א יונג פאר א זונה, אונד א מעדעל האבען זייא פערקויפט פאר וויין, כדי זייא זאלען טרינקען: 4 יוא, אונד וואס האט איהר מיט מיר צו טהון אוי צור אונד צידון, אונד דיא גאנצע גרענעצען פון פלשת? ווילט איהר מיר דען בעצאהלען א בעצאהלונג? אונד אויב איהר ווערט מיר שוין בעצאהלען, אזוי וועל איך עס באלד צוריקצאהלען אויף איירע קעפ: 5 ווייל איהר האט אוועקגענומען מיין זילבער אונד מיין גאלד, אונד מיינע שענע גלוסטיגע זאכען האט איהר אריינגעברענגט אין איירע טעמפעל: 6 אונד איהר האט פערקויפט דיא קינדער פון יהודה אונד דיא קינדער פון ירושלים צו דיא קינדער פון דיא יונים, כדי זייא זאלען דערווייטערט ווערען פון זיירע גרענעצען: 7 זעהט אזוי וועל איך זייא דערוועקען פון דעם ארט פון וואו איהר האט זייא דארט אהין פערקויפט, אונד איך וועל אייך צוריקבעצאהלען אויף איירע אייגענע קעפ: 8 אונד איך וועל איירע זיהן אונד איירע טעכטער פערקויפען דורך דיא האנד פון דיא קינדער פון יהודה, אונד זייא וועלען זייא (ווידער) פערקויפען צו דיא שבאים צו א פאלק פון ווייט אהער, ווארין דער האר האט עס גערעדט: 9 רופט דאס דאזיגע אויס צווישען דיא גוים, הייליגט (ברייט אן) א מלחמה, דערוועקט דיא גבורים, לאזען זייא זיך גענעהענען, לאזען אלע מלחמה לייט ארויפקומען: 10 מאכט איירע אקעראייזען צו שווערדען אונד איירע שניט־מעסער צו שפיזען, לאז דער שלאפער זאגען איך בין שטארק: 11 איילט אייך אונד קומט צוזאמען איהר אלע פעלקער פון רינגס ארום, אונד פערזאמעלט אייך, לאזען דיינע גבורים דארט אהינקומען, אוי גאט! 12 לאזען זיך דיא היידען דערוועקען אונד לאזען זייא ארויפגעהן צו דעם טהאל פון יהושפט, ווארין דארטען וועל איך זיצען צו משפט'ן אלע היידען פון רינגס ארום: 13 שיקט אויס דאס שניידמעסער (א סערפ) ווארין דער שניט איז צייטיג, קומט ארופ ווארין דיא קעלטער איז פול

הָהֵמָּה אֶשְׁפּוֹךְ אֶת־רוּחִי׃ וְנָתַתִּי מוֹפְתִים בַּשָּׁמַיִם 3
וּבָאָרֶץ דָּם וָאֵשׁ וְתִימְרוֹת עָשָׁן׃ הַשֶּׁמֶשׁ יֵהָפֵךְ לְחֹשֶׁךְ 4
וְהַיָּרֵחַ לְדָם לִפְנֵי בּוֹא יוֹם יְהוָה הַגָּדוֹל וְהַנּוֹרָא׃ וְהָיָה ה
כֹּל אֲשֶׁר־יִקְרָא בְּשֵׁם יְהוָה יִמָּלֵט כִּי בְּהַר־צִיּוֹן וּבִירוּשָׁלִַם
תִּהְיֶה פְלֵיטָה כַּאֲשֶׁר אָמַר יְהוָה וּבַשְּׂרִידִים אֲשֶׁר
יְהוָה קֹרֵא׃

ד

ד

כִּי הִנֵּה בַּיָּמִים הָהֵמָּה וּבָעֵת הַהִיא אֲשֶׁר אָשׁוּב אֶת־ א
שְׁבוּת יְהוּדָה וִירוּשָׁלִָם׃ וְקִבַּצְתִּי אֶת־כָּל־הַגּוֹיִם וְהוֹרַדְתִּים 2
אֶל־עֵמֶק יְהוֹשָׁפָט וְנִשְׁפַּטְתִּי עִמָּם שָׁם עַל־עַמִּי וְנַחֲלָתִי
יִשְׂרָאֵל אֲשֶׁר פִּזְּרוּ בַגּוֹיִם וְאֶת־אַרְצִי חִלֵּקוּ׃ וְאֶל־עַמִּי 3
יַדּוּ גוֹרָל וַיִּתְּנוּ הַיֶּלֶד בַּזּוֹנָה וְהַיַּלְדָּה מָכְרוּ בַיַּיִן וַיִּשְׁתּוּ׃
וְגַם מָה־אַתֶּם לִי צֹר וְצִידוֹן וְכֹל גְּלִילוֹת פְּלָשֶׁת הַגְּמוּל 4
אַתֶּם מְשַׁלְּמִים עָלָי וְאִם־גֹּמְלִים אַתֶּם עָלַי קַל מְהֵרָה
אָשִׁיב גְּמֻלְכֶם בְּרֹאשְׁכֶם׃ אֲשֶׁר־כַּסְפִּי וּזְהָבִי לְקַחְתֶּם ה
וּמַחֲמַדַּי הַטֹּבִים הֲבֵאתֶם לְהֵיכְלֵיכֶם׃ וּבְנֵי יְהוּדָה וּבְנֵי 6
יְרוּשָׁלִַם מְכַרְתֶּם לִבְנֵי הַיְּוָנִים לְמַעַן הַרְחִיקָם מֵעַל
גְּבוּלָם׃ הִנְנִי מְעִירָם מִן־הַמָּקוֹם אֲשֶׁר־מְכַרְתֶּם אֹתָם 7
שָׁמָּה וַהֲשִׁבֹתִי גְמֻלְכֶם בְּרֹאשְׁכֶם׃ וּמָכַרְתִּי אֶת־בְּנֵיכֶם 8
וְאֶת־בְּנוֹתֵיכֶם בְּיַד בְּנֵי יְהוּדָה וּמְכָרוּם לִשְׁבָאיִם אֶל־גּוֹי
רָחוֹק כִּי יְהוָה דִּבֵּר׃ קִרְאוּ־זֹאת בַּגּוֹיִם קַדְּשׁוּ 9
מִלְחָמָה הָעִירוּ הַגִּבּוֹרִים יִגְּשׁוּ יַעֲלוּ כֹּל אַנְשֵׁי הַמִּלְחָמָה׃
כֹּתּוּ אִתֵּיכֶם לַחֲרָבוֹת וּמַזְמְרֹתֵיכֶם לִרְמָחִים הַחַלָּשׁ יֹאמַר י
גִּבּוֹר אָנִי׃ עוּשׁוּ וָבֹאוּ כָל־הַגּוֹיִם מִסָּבִיב וְנִקְבָּצוּ שָׁמָּה 11
הַנְחַת יְהוָה גִּבּוֹרֶיךָ׃ יֵעוֹרוּ וְיַעֲלוּ הַגּוֹיִם אֶל־עֵמֶק 12
יְהוֹשָׁפָט כִּי שָׁם אֵשֵׁב לִשְׁפֹּט אֶת־כָּל־הַגּוֹיִם מִסָּבִיב׃
שִׁלְחוּ מַגָּל כִּי בָשַׁל קָצִיר בֹּאוּ רְדוּ כִּי־מָלְאָה גַּת הֵשִׁיקוּ 13

דיא

14 הקבים כי רבה רעתם: המונים המונים בעמק החרוץ
טו כי קרוב יום יהוה בעמק החרוץ: שמש וירח קדרו
16 וכוכבים אספו נגהם: ויהוה מציון ישאג ומירושלם יתן
קולו ורעשו שמים וארץ ויהוה מחסה לעמו ומעוז לבני
17 ישראל: וידעתם כי אני יהוה אלהיכם שכן בציון הר
קדשי והיתה ירושלם קדש וזרים לא־יעברו־בה עוד:
18 והיה ביום ההוא יטפו ההרים עסיס והגבעות
תלכנה חלב וכל־אפיקי יהודה ילכו מים ומעין מבית
19 יהוה יצא והשקה את־נחל השטים: מצרים לשממה
תהיה ואדום למדבר שממה תהיה מחמס בני יהודה
כ אשר־שפכו דם־נקיא בארצם: ויהודה לעולם תשב
21 וירושלם לדור ודור: ונקיתי דמם לא־נקיתי ויהוה
שכן בציון:

## ע מ ו ס

א דברי עמוס אשר־היה בנקדים מתקוע אשר חזה על־
ישראל בימי ׀ עזיה מלך־יהודה ובימי ירבעם בן־יואש
2 מלך ישראל שנתים לפני הרעש: ויאמר ׀ יהוה מציון
ישאג ומירושלם יתן קולו ואבלו נאות הרעים ויבש
3 ראש הכרמל: כה אמר יהוה על־שלשה פשעי
דמשק ועל־ארבעה לא אשיבנו על־דושם בחרצות
4 הברזל את־הגלעד: ושלחתי אש בבית חזאל ואכלה

דיא וויין פעסער לויפען־איבער, ווייל זייערע שלעכטיגקייט איז זעהר גרויס: 14 גרויסע שאַרען פון חילות (וועלען זיין) אין דעם טהאל וואס איז בעשטימט, ווארין דער טאג פון דעם האר איז נאהענט אין דעם טהאל פון בעשטימונג: 15 דיא זון אונד דיא לבנה וועלען (שוואַרץ) פינסטער ווערען, אונד דיא שטערען וועט־לען אויפהערען צו שיינען: 16 אונד דער האר וועט שרייען אויס ציון, אונד אויס ירושלים וועט ער געבען זיין קול, אונד דיא הימעל אונד דיא ערד וועלען שטור־מען (ציטערן), אבער דער האר וועט זיין א בעשיצונג צו זיין פאלק, אונד א שטארקע מאכט צו דיא קינדער ישראל: 17 אונד אזוי וועט איהר וויסען אז איך בין דער האר אייער גאט וואס וואוינט אין ציון מיין הייליגען בארג, אונד דאס ירושלים וועט זיין הייליג, אונד קיינע פרעמדע וועלען ניט מעהר דורך איהר איבערפאהרען: 18 אונד עס וועט זיין אין דעם דאזיגען טאג, אזוי וועלען דיא בערג אַרונטער טריפען נייעס וויין, אונד דיא קליינע בערגלעך וועלען פליסען מיט מילך, אונד אלע טייכען פון יהודה וועלען פליסען מיט וואסער, אונד א קוואל וועט ארויסגעהן פון דעם האר'ס הויז, אונד וועט בעוועסערן דאס טהאל פון שיטים: 19 מצרים וועט ווערען א פערוויסטונג, אונד אדום וועט ווערען א פערוויסטע מדבר, וועגען דעם רויב פון דיא קינדער פון יהודה, אונד ווייל זייא האבען פערגאסען אונ־שולדיגעס בלוט אין זייער לאנד: 20 אונד יהודה וועט עביג בעוואוינט זיין, אונד ירושלים פון דור צו דור: 21 ווארין איך וועל רייניגען זייער בלוט וואס איך האב נאך ניט גערייניגט, אונד דער האר וועט וואוינען אין ציון:

# עמוס

1 דיא ווערטער פון עמוס, וואס איז געוועזען צווישען דיא פאסטוכער פון תקוע, וואס ער האט געזעהען איבער ישראל, אין דיא טעג פון עזיה מלך פון יהודה, אונד אין דיא טעג פון ירבעם זוהן פון יואש קעניג פון ישראל צווייא יאהר פאר דיא ערדציטערנים: 2 אונד ער האט געזאגט, דער האר וועט שרייען אויס ציון, אונד אויס ירושלים וועט ער געבען זיין קול, אונד דיא וואוינונגען פון דיא פאסטוכער וועט־לען וויסט (אדער טרויריג) ווערען, אונד דיא שפיץ פון דעם בארג כרמל וועט פער־דארט ווערען: 3 אזוי זאגט דער האר, וועגען דרייא זינד פון דמשק, אונד וועגען פיער וועל איך ניט אוועקקעהרען, (דיא שטראף דערפון), ווייל זייא האבען געדרעשט גלעד מיט אייזערנע אינסטרומענטען: 4 אונד איך וועל ארויסשיקען א פייער צו דעם הויז פון חזאל, אונד עס וועט פערברענגען

דיא

דיא פאלאסטען פון בן־הדד: 5 אונד איך
וועל צוברעכען דיא ריגעל פון דמשק,
אונד איך וועל פערטילגען דיא איינוואוי־
נער פון דעם טהאל און, אונד דעם וואס
האלט דעם צעפטער פון דעם הויז עדן,
אונד דאס פאלק פון ארם וועלען פער־
טריבען ווערען קיין קירה, זאגט דער
האר: 6 אזוי זאגט דער האר, וועגען
דרייא זינד פון עזה, אונד וועגען פיער
וועל איך ניט אומקעהרען (דיא שטראף
דערפון), ווייל זייא האבען דיא גאנצע
געפאנגענשאפט אין גלות אריינגעפיהרט
כדי זייא צו איבערענטפערן צו אדום:
7 דארום וועל איך אויסשיקען א פייער
אין דיא מויערן פון עזה, אונד עס וועט
פערברענען איהרע פאלאסטען: 8 אונד
איך וועל פערטילגען דיא איינוואוינער
פון אשדוד, אונד דעם וואס האלט דיא
רוט (צעפטער) פון אשקלון, אונד איך
וועל אומקעהרען מיינע האנד קעגען
עקרון, אונד דיא איבערבלייבונג פון דיא
פלשתים וועלען פערלוירען ווערען,
זאגט דער האר גאט: 9 אזוי זאגט דער
האר, וועגען דרייא זינד פון צור, אונד
וועגען פיער וועל איך ניט אומקעהרען (דיא שטראף דערפון), ווייל זיא האבען דאס
גאנצע גלות איבערגעענטפערט צו אדום, אונד זייא האבען ניט געדענקט אן דעם
ברידערליכען ברית: 10 דארום וועל איך אויסשיקען א פייער אין דיא מויערן פון
צור, אונד עס וועט פערברענען איהרע פאלאסטען: 11 אזוי זאגט דער האר, וועגען
דרייא זינד פון אדום, אונד וועגען פיער וועל איך ניט אומקעהרען (דיא שטראף דער־
פון), ווייל ער האט נאכגעיאגט מיט דעם שווערד זיין ברודער, אונד ער האט קיין
רחמנות געהאט, אונד ער האט פערצוקט זיין צארן אויף עביג, אונד ער האט זיין
גרימצארן אויף עביג געהיט: 12 דארום וועל איך אויסשיקען א פייער אין תימן,
אונד עס וועט פערברענען איהרע פאלאסטען אין בצרה: 13 אזוי זאגט דער האר,
וועגען דרייא זינד פון דיא בני־עמון, אונד וועגען פיער וועל איך ניט אוועקקעהרען
(דיא שטראף דערפון), ווייל זייא האבען צושפאלטען דיא טראגעדיגע ווייבער פון
גלעד, כדי צו דערווייטערן זיירע גרענעץ: 14 דארום וועל איך אנצינדען א פייער
אין דיא מויערן פון רבה, אונד עס וועט פערברענען איהרע פאלאסטען, דורך א שאל
אין דעם טאג פון דער מלחמה, אין דעם שטורם, אין דעם טאג פון דעם שטורמווינד:
15 אונד זייער מלך וועט געהן אין גלות אריין, ער צוזאמען מיט זיינע פירשטען,
זאגט דער האר:

## קאפיטעל ב

1 אזוי זאגט דער האר, וועגען דרייא זינד פון מואב אונד וועגען פיער וועל איך ניט
אוועקקעהרען (דיא שטראף דערפון), ווייל ער האט פערברענט דיא ביינער פון דעם
מלך פון אדום אויף קאלך: 2 דארום וועל איך אויסשיקען א פייער אין מואב, אונד
עס וועט פערברענען דיא פאלאסטען פון קריות, אונד מואב וועט שטארבען מיט א
געטומעל אונד מיט דעם שאלונג פון דעם קול שופר: 3 אונד איך וועל פערשניידען דעם
שופט פון צווישען איהר, אונד איך וועל דערשלאגען אלע איהרע פירשטען מיט איהם,
זאגט דער האר: 4 אזוי זאגט דער האר, וועגען דרייא זינד פון יהודה אונד וועגען
פיער וועל איך ניט אומקעהרען (דיא שטראף דערפון) ווייל זייא האבען פער־
ווארפען דיא תורה פון דעם האר, אונד ווייל זייא האבען ניט געהיט זיינע
געזעץ, אונד זיירע ליגען האבען זייא פערפיהרט (פעראירט), נאך וועלכע
זיירע

ארמנות בן־הדד: ושברתי בריח דמשק והכרתי יושב ה
מבקעת־און ותומך שבט מבית עדן וגלו עם־ארם קירה
אמר יהוה: כה אמר יהוה על־שלשה פשעי עזה 6
ועל־ארבעה לא אשיבנו על־הגלותם גלות שלמה
להסגיר לאדום: ושלחתי אש בחומת עזה ואכלה 7
ארמנתיה: והכרתי יושב מאשדוד ותומך שבט מאשקלון 8
והשיבותי ידי על־עקרון ואבדו שארית פלשתים אמר
אדני יהוה: כה אמר יהוה על־שלשה פשעי־צר 9
ועל־ארבעה לא אשיבנו על־הסגירם גלות שלמה
לאדום ולא זכרו ברית אחים: ושלחתי אש בחומת צר י
ואכלה ארמנתיה: כה אמר יהוה על־שלשה 11
פשעי אדום ועל־ארבעה לא אשיבנו על־רדפו בחרב
אחיו ושחת רחמיו ויטרף לעד אפו ועברתו שמרה נצח:
ושלחתי אש בתימן ואכלה ארמנות בצרה: 12
כה אמר יהוה על־שלשה פשעי בני־עמון ועל־ארבעה 13
לא אשיבנו על־בקעם הרות הגלעד למען הרחיב את־
גבולם: והצתי אש בחומת רבה ואכלה ארמנותיה 14
בתרועה ביום מלחמה בסער ביום סופה: והלך מלכם טו
בגולה הוא ושריו יחדו אמר יהוה:

ב כ

כה אמר יהוה על־שלשה פשעי מואב ועל־ארבעה לא א
אשיבנו על־שרפו עצמות מלך־אדום לשיד: ושלחתי־ 2
אש במואב ואכלה ארמנות הקריות ומת בשאון מואב
בתרועה בקול שופר: והכרתי שופט מקרבה וכל־שריה 3
אהרוג עמו אמר יהוה: כה אמר יהוה על־שלשה 4
פשעי יהודה ועל־ארבעה לא אשיבנו על־מאסם את־
תורת יהוה וחקיו לא שמרו ויתעום כזביהם אשר־

ה הָלְכוּ אֲבוֹתָם אַחֲרֵיהֶם׃ וְשִׁלַּחְתִּי אֵשׁ בִּיהוּדָה וְאָכְלָה
6 אַרְמְנוֹת יְרוּשָׁלִָם׃ כֹּה אָמַר יְהוָה עַל־שְׁלֹשָׁה
פִּשְׁעֵי יִשְׂרָאֵל וְעַל־אַרְבָּעָה לֹא אֲשִׁיבֶנּוּ עַל־מִכְרָם בַּכֶּסֶף
7 צַדִּיק וְאֶבְיוֹן בַּעֲבוּר נַעֲלָיִם׃ הַשֹּׁאֲפִים עַל־עֲפַר־אֶרֶץ
בְּרֹאשׁ דַּלִּים וְדֶרֶךְ עֲנָוִים יַטּוּ וְאִישׁ וְאָבִיו יֵלְכוּ אֶל־
8 הַנַּעֲרָה לְמַעַן חַלֵּל אֶת־שֵׁם קָדְשִׁי׃ וְעַל־בְּגָדִים חֲבֻלִים
יַטּוּ אֵצֶל כָּל־מִזְבֵּחַ וְיֵין עֲנוּשִׁים יִשְׁתּוּ בֵּית אֱלֹהֵיהֶם׃
9 וְאָנֹכִי הִשְׁמַדְתִּי אֶת־הָאֱמֹרִי מִפְּנֵיהֶם אֲשֶׁר כְּגֹבַהּ אֲרָזִים
גָּבְהוֹ וְחָסֹן הוּא כָּאַלּוֹנִים וָאַשְׁמִיד פִּרְיוֹ מִמַּעַל וְשָׁרָשָׁיו
י מִתָּחַת׃ וְאָנֹכִי הֶעֱלֵיתִי אֶתְכֶם מֵאֶרֶץ מִצְרָיִם וָאוֹלֵךְ
אֶתְכֶם בַּמִּדְבָּר אַרְבָּעִים שָׁנָה לָרֶשֶׁת אֶת־אֶרֶץ הָאֱמֹרִי׃
11 וָאָקִים מִבְּנֵיכֶם לִנְבִיאִים וּמִבַּחוּרֵיכֶם לִנְזִרִים הַאַף אֵין־
12 זֹאת בְּנֵי יִשְׂרָאֵל נְאֻם־יְהוָה׃ וַתַּשְׁקוּ אֶת־הַנְּזִרִים יָיִן
13 וְעַל־הַנְּבִיאִים צִוִּיתֶם לֵאמֹר לֹא תִּנָּבְאוּ׃ הִנֵּה אָנֹכִי מֵעִיק
14 תַּחְתֵּיכֶם כַּאֲשֶׁר תָּעִיק הָעֲגָלָה הַמְלֵאָה לָהּ עָמִיר׃ וְאָבַד
מָנוֹס מִקָּל וְחָזָק לֹא־יְאַמֵּץ כֹּחוֹ וְגִבּוֹר לֹא־יְמַלֵּט נַפְשׁוֹ׃
טו וְתֹפֵשׂ הַקֶּשֶׁת לֹא יַעֲמֹד וְקַל בְּרַגְלָיו לֹא יְמַלֵּט וְרֹכֵב
16 הַסּוּס לֹא יְמַלֵּט נַפְשׁוֹ׃ וְאַמִּיץ לִבּוֹ בַּגִּבּוֹרִים עָרוֹם יָנוּס
בַּיּוֹם־הַהוּא נְאֻם־יְהוָה׃

ג

א שִׁמְעוּ אֶת־הַדָּבָר הַזֶּה אֲשֶׁר דִּבֶּר יְהוָה עֲלֵיכֶם בְּנֵי יִשְׂרָאֵל
עַל כָּל־הַמִּשְׁפָּחָה אֲשֶׁר הֶעֱלֵיתִי מֵאֶרֶץ מִצְרַיִם לֵאמֹר׃
2 רַק אֶתְכֶם יָדַעְתִּי מִכֹּל מִשְׁפְּחוֹת הָאֲדָמָה עַל־כֵּן אֶפְקֹד
3 עֲלֵיכֶם אֵת כָּל־עֲוֹנֹתֵיכֶם׃ הֲיֵלְכוּ שְׁנַיִם יַחְדָּו בִּלְתִּי אִם־
4 נוֹעָדוּ׃ הֲיִשְׁאַג אַרְיֵה בַּיַּעַר וְטֶרֶף אֵין לוֹ הֲיִתֵּן כְּפִיר
ה קוֹלוֹ מִמְּעֹנָתוֹ בִּלְתִּי אִם־לָכָד׃ הֲתִפֹּל צִפּוֹר עַל־פַּח
הָאָרֶץ וּמוֹקֵשׁ אֵין לָהּ הֲיַעֲלֶה־פַּח מִן־הָאֲדָמָה וְלָכוֹד לֹא

זייערע אבות זענען נאכגעגאנגען: 5 דארום וועל איך אויסשיקען א פייער אין יהודה, אונד עס וועט פערברענען דיא פאלאסטען פון ירושלים: 6 אזוי זאגט דער האר, וועגען דרייא זינד פון ישראל, אונד וועגען פיער וועל איך ניט אוועקקעהרען (דיא שטראף דערפון), ווייל זייא האבען פערקויפט דעם צדיק פאר געלד אונד דעם בעדארפטיגען פאר א פאר שיך: 7 וואס טראכטען וויא זייא קענען ארויפטהון דעם שטויב פון דער ערד אויף דיא קעפ פון דיא ארעמע, אונד אפנייגען דעם וועג פון דיא דעמיטיגע, אונד א מאן אונד זיין פאטער געהען אריין צו (דעמזעלבען) מעדעל, כדי מחלל צו זיין מיין היילינגען נאמען: 8 אונד זייא לעגען זיך אנידער אויף משכון־קליידער נעבען איטליכען מזבח, אונד זייא טרינקען דעם וויין פון בעשטראפטע אין דעם הויז פון זייערע אפגעטער: 9 אבער איך האב פערטילגט דעם אמורי פאר זייער פנים, חאטשע זיינע הייך איז געוועזען אזוי וויא דיא הויך פון טענענביימער, אונד אזוי שטארק וויא דיא לינדען־ביימער, דאך האב איך פערטילגט זיינע פירות פון אויבען אונד זיינע ווארצעל פון אונטען: 10 אונד איך האב אייך ארויפגעברענגט פון דעם לאנד מצרים, אונד איך האב אייך געפיהרט אין דיא מדבר פירציג יאהר, כדי צו ירשנ'ן דאס לאנד פון דעם אמרי: 11 אונד איך האב אויפגעשטעלט פון אייערע זיהן נביאים, אונד פון אייערע יונגע לייט פאר אפגעשייטע (נזירים), איז עס דען ניט אויך אזוי א איהר קינדער ישראל? זאגט דער האר: 12 אבער איהר האט דיא נזירים געגעבען וויין צו טרינקען, אונד צו דיא נביאים האט איהר געבאטען, אזוי צו זאגען, איהר זאלט ניט קיין נבואות זאגען: 13 זעהט איך וועל אונטער אייך אזוי ענג מאכען, אזוי וויא א וואגען איז ענג וואס איז פול מיט גארבען (תבואה) 14 דארום וועט דיא אנטלויפונג פון דעם פלינקען פערלוירען ווערען, אונד דער שטארקער זאל זיך ניט שטארקען מיט זיין כח אונד דער גבור וועט זיך ניט קענען מציל זיין: 15 אונד דער וואס האפט אן דעם (פייל) בויגען וועט אויך ניט קענען בעשטעהן, אונד דער וואס איז שנעל אויף דיא פיס וועט ניט קענען אנטרינען, אונד דער וואס רייט אויף א פערד וועט זיך אויך ניט קענען מציל זיין: 16 אונד דער וואס זיין הארץ איז שטארק אפילו אונטער דיא גבורים, וועט נאקעט אנטלויפען אין דעמזעלביגען טאג, זאגט דער האר:

קאפיטעל ג

1 הערט דאס דאזיגעווארט וואס דער האר האט צו אייך גערעט, אוי איהר קינדער ישראל! וועגען דער גאנצער משפחה וואס איך האב ארויפגעבראכט פון דעם לאנד מצרים אזוי צו זאגען: 2 נייערט אייך אליין האב איך דערקענט פון אלע משפחות פון דעם לאנד, דארום וועל איך אייך בעשטראפען וועגען אלע אייערע זינד: 3 קענען דען צווייא צוזאמען געהן עס זייא דען דאס זייא האבען זיך פריהער בעשטעלט? 4 אדער וויל א לייב שרייען אין דעם וואלד ווען ער האט ניט קיין פערצוקונג? אדער זאל א יונגער לייב שרייען מיט זיין קול ווען ער האט גארניט געהאפט? 5 קען דען א פויגעל פאלען אין דעם נעץ אויף דער ערד ווען עס איז ניט פערהאנדען א שטרויכלונג? אדער קען דען א נעץ אויפגענומען ווערען פון דער ערד ווען עס האט גארניט

געהאפט

גְעהַאפְּט: 6 אָדער בְּלָאזְט מֶען שׁוֹפָר אִין
דֶער שְׁטָאט אוּנְד זָאל דָאס פָאלְק נִיט צִיטֶערְן?
אָדער וֶוען אַיין אוּנְגְלִיק וֶועט זַיין
אִין אַ שְׁטָאט אוּנְד דֶער האַר האָט עֶס נִיט
גְעטְהוּן? 7 וָוארִין דֶער האַר טְהוּט קֵיין
שׁוּם זַאךְ, עֶס זַייא דֶען דָאס עֶר אַנְטְפְּלֶעקְט
זַיין סוֹד צוּ זַיינֶע קְנֶעכְט דִיא נְבִיאִים: 8 וֶוען
דֶער לֵייבּ שְׁרַייט וֶוער זָאל נִיט מוֹרָא
הָאבֶּען? וֶוען דֶער האַר גָאט רֶעט וֶוער זָאל
נִיט נְבוּאוֹת זָאגֶען? 9 לָאזְט עֶס הֶערֶען אִין
דִיא פַּאלַאסְטֶען פוּן אַשְׁדוֹד, אוּנְד אִין דִיא
פַּאלַאסְטֶען אִין דֶעם לַאנְד מִצְרַיִם אוּנְד
זָאגְט, פֶערְזַאמֶעלְט אַייךְ אוֹיף דִיא בֶּערְג
פוּן שֹׁמְרוֹן, אוּנְד זֶעהְט אָן דָאס גְרוֹיסֶע
גֶעטוּמֶעל צְווִישֶׁען אִיהְר, אוּנְד דִיא אוּנְטֶערְדְרִיקוּנְג וָואס אִיז אִין אִיהְר מִיטֶען:
10 וָוארִין זַייא וַויסֶען נִיט רֶעכְט צוּ טְהוּן,
זָאגְט דֶער האַר, זַייא הָאבֶּען (זַאמֶעלְן אָן)
רוֹיבֶּערַייא אוּנְד צוּשְׁטֶערוּנְג אִין זַיירֶע
פַּאלַאסְטֶען: 11 דַארוּם, אַזוֹי זָאגְט דֶער
האַר גָאט, עֶס וֶועט זַיין (קוּמֶען) אַ פַיינְד
אוּנְד וֶועט אַרוּמְרִינְגֶעלְן דָאס לַאנְד, אוּנְד
עֶר וֶועט פוּן דִיר אַרוּפְּבְּרֶענְגֶען דַיינֶע
שְׁטַארְקְהַייט, אוּנְד דַיינֶע פַּאלַאסְטֶען
וֶועלֶען בֶּערוֹיבְּט וֶוערֶען: 12 אַזוֹי זָאגְט
דֶער האַר, אַזוֹי וִויא אַ פַּאסְטוּךְ אִיז מַצִּיל פוּן דֶעם מוֹיל פוּן דֶעם לֵייבּ צְווַייא קְנִיעֶן אָדֶער
אַיין אוֹיעֶר־לֶעפֶּעל, גְרָאד אַזוֹי וֶועלֶען דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל נִיצוֹל וֶוערֶען, וָואס ווֹאוֹינֶען
אִין שֹׁמְרוֹן אִין דֶעם עֶק בֶּעט, אוּנְד אִין דַמֶשֶׂק אוֹיף אַ דִיוַואן: 13 הֶערְט עֶס אוּנְד זָאגְט
עֵדוּת אִין דֶעם הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן יַעֲקֹב, זָאגְט דֶער האַר גָאט, דֶער גָאט פוּן צְבָאוֹת:
14 וָוארִין אִין דֶעם טָאג וֶוען אִיךְ וֶועל בֶּעשְׁטְרָאפֶען דִיא זִינְד פוּן יִשְׂרָאֵל אִיבֶּער
אִיהֶם, וֶועל אִיךְ אוֹיךְ בֶּעשְׁטְרָאפֶען וֶוענֶען דִיא מִזְבְּחוֹת פוּן בֵּית־אֵל, אוּנְד דִיא הֶערְנֶער
(ווִינְקֶעל) פוּן דֶעם מִזְבֵּחַ וֶועלֶען אָפְּגֶעשְׁנִיטֶען וֶוערֶען, אוּנְד זַייא וֶועלֶען פַאלֶען אוֹיף דֶער
עֶרְד: 15 אוּנְד אִיךְ וֶועל שְׁלָאגֶען דָאס ווִינְטֶער־הוֹיז מִיט דֶעם זוּמֶער־הוֹיז, אוּנְד
דִיא הַייזֶער פוּן דִיא עֶלֶעפַאנְד־בַּיין וֶועלֶען פֶערְלוֹירֶען וֶוערֶען, אוּנְד פִילֶע אַנְדֶערֶע
הַייזֶער וֶועלֶען פֶערְטִילְגְט וֶוערֶען, זָאגְט דֶער האַר:

6 יִלְכּוֹד: אִם־יִתָּקַע שׁוֹפָר בְּעִיר וְעָם לֹא יֶחֱרָדוּ אִם־תִּהְיֶה
7 רָעָה בְּעִיר וַיהוָה לֹא עָשָׂה: כִּי לֹא יַעֲשֶׂה אֲדֹנָי יֱהוִה
8 דָּבָר כִּי אִם־גָּלָה סוֹדוֹ אֶל־עֲבָדָיו הַנְּבִיאִים: אַרְיֵה שָׁאָג
9 מִי לֹא יִירָא אֲדֹנָי יֱהוִה דִּבֶּר מִי לֹא יִנָּבֵא: הַשְׁמִיעוּ
עַל־אַרְמְנוֹת בְּאַשְׁדּוֹד וְעַל־אַרְמְנוֹת בְּאֶרֶץ מִצְרָיִם וְאִמְרוּ
הֵאָסְפוּ עַל־הָרֵי שֹׁמְרוֹן וּרְאוּ מְהוּמֹת רַבּוֹת בְּתוֹכָהּ
וַעֲשׁוּקִים בְּקִרְבָּהּ: וְלֹא־יָדְעוּ עֲשׂוֹת־נְכֹחָה נְאֻם־יְהוָה
11 הָאֹצְרִים חָמָס וָשֹׁד בְּאַרְמְנוֹתֵיהֶם: לָכֵן כֹּה אָמַר
אֲדֹנָי יֱהוִה צַר וּסְבִיב הָאָרֶץ וְהוֹרִד מִמֵּךְ עֻזֵּךְ וְנָבֹזּוּ
12 אַרְמְנוֹתָיִךְ: כֹּה אָמַר יְהוָה כַּאֲשֶׁר יַצִּיל הָרֹעֶה מִפִּי
הָאֲרִי שְׁתֵּי כְרָעַיִם אוֹ בְדַל־אֹזֶן כֵּן יִנָּצְלוּ בְּנֵי יִשְׂרָאֵל
13 הַיֹּשְׁבִים בְּשֹׁמְרוֹן בִּפְאַת מִטָּה וּבִדְמֶשֶׁק עָרֶשׂ: שִׁמְעוּ
14 וְהָעִידוּ בְּבֵית יַעֲקֹב נְאֻם־אֲדֹנָי יֱהוִה אֱלֹהֵי הַצְּבָאוֹת: כִּי
בְּיוֹם פָּקְדִי פִשְׁעֵי־יִשְׂרָאֵל עָלָיו וּפָקַדְתִּי עַל־מִזְבְּחוֹת בֵּית־
טו אֵל וְנִגְדְּעוּ קַרְנוֹת הַמִּזְבֵּחַ וְנָפְלוּ לָאָרֶץ: וְהִכֵּיתִי בֵית־
הַחֹרֶף עַל־בֵּית הַקָּיִץ וְאָבְדוּ בָּתֵּי הַשֵּׁן וְסָפוּ בָּתִּים רַבִּים
נְאֻם־יְהוָה:

ד

ד

א שִׁמְעוּ הַדָּבָר הַזֶּה פָּרוֹת הַבָּשָׁן אֲשֶׁר בְּהַר שֹׁמְרוֹן הָעֹשְׁקוֹת
דַּלִּים הָרֹצְצוֹת אֶבְיוֹנִים הָאֹמְרֹת לַאֲדֹנֵיהֶם הָבִיאָה
2 וְנִשְׁתֶּה: נִשְׁבַּע אֲדֹנָי יֱהוִה בְּקָדְשׁוֹ כִּי הִנֵּה יָמִים בָּאִים
עֲלֵיכֶם וְנִשָּׂא אֶתְכֶם בְּצִנּוֹת וְאַחֲרִיתְכֶן בְּסִירוֹת דּוּגָה:
3 וּפְרָצִים תֵּצֶאנָה אִשָּׁה נֶגְדָּהּ וְהִשְׁלַכְתֶּנָה הַהַרְמוֹנָה נְאֻם־
4 יְהוָה: בֹּאוּ בֵית־אֵל וּפִשְׁעוּ הַגִּלְגָּל הַרְבּוּ לִפְשֹׁעַ וְהָבִיאוּ
ה לַבֹּקֶר זִבְחֵיכֶם לִשְׁלֹשֶׁת יָמִים מַעְשְׂרֹתֵיכֶם: וְקַטֵּר
מֵחָמֵץ תּוֹדָה וְקִרְאוּ נְדָבוֹת הַשְׁמִיעוּ כִּי כֵן אֲהַבְתֶּם בְּנֵי
6 יִשְׂרָאֵל נְאֻם אֲדֹנָי יֱהוִה: וְגַם אֲנִי נָתַתִּי לָכֶם נִקְיוֹן

## קאפיטעל ד

1 הֶערְט דָאס דָאזִיגֶע וָוארְט, אִיהְר קִיה פוּן בָּשָׁן, וָואס זֶענֶען אוֹיף דִיא בֶּערְג
פוּן שֹׁמְרוֹן, וָואס אוּנְטֶערְדְרִיקֶען דִיא אָרֶעמֶע לַייט, וָואס צוּשְׁטוֹיסֶען דִיא בֶּעדַארְפְטִיגֶע,
וָואס זָאגֶען צוּ זַיירֶע הַארֶען, בְּרֶענְגְט אַהֶער, אוּנְד לָאמִיר טְרִינְקֶען:
2 דֶער האַר גָאט הָאט גֶעשְׁווָאוֹירֶען בַּייא זַיינֶע הַיילִיגְקַייט, וָוארִין
זֶעה, טֶעג וֶועלֶען קוּמֶען אִיבֶּער אַייךְ, וֶוען מֶען וֶועט אַייךְ אַוֶועקְטְרָאגֶען
מִיט שְׁפִּיצִיגֶע הָאקֶענְס, אוּנְד אַיירֶע נָאכְקוּמֶען מִיט פִישׁ־הָאקֶענְס:
3 אוּנְד אִיהְר וֶועט אַרוֹיסְגֶעהְן דוּרְךְ דִיא אַיינְגֶעבְּרָאכֶענֶע (מוֹיעֶרְן) אִיטְלִיכֶע
פְרוֹיא פָאר זִיךְ, אוּנְד אִיהְר וֶועט אַייךְ פֶערְוַוארְפֶען אוֹיף דִיא בֶּערְג הַרְמוֹן,
זָאגְט דֶער האַר: 4 קוּמְט קֵיין בֵּית־אֵל אוּנְד זִינְדִיגְט, אוּנְד מֶעהְרְט צוּ זִינְדִיגֶען
אִין גִלְגָל אוּנְד בְּרֶענְגְט אִיטְלִיכֶען מָארְגֶען אַיירֶע קָרְבָּנוֹת, אוּנְד אַיירֶע מַעְשְׂרוֹת
נָאךְ דְרַייא יָאהְר (פוּן טֶעג): 5 אוּנְד אִיהְר זֶענְט מַקְרִיב אַ קָרְבַּן תּוֹדָה מִיט
חָמֵץ, אוּנְד אִיהְר רוּפְט אוֹיס אוּנְד אִיהְר מַאכְט הֶערֶען אַז עֶס אִיז אַ נְדָבָה,
וָוארִין אַזוֹי לִיבְּט אִיהְר עֶס, אוֹי אִיהְר קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל! זָאגְט דֶער האַר גָאט:
6 דַארוּם הָאבּ אִיךְ אוֹיךְ צוּ אַייךְ גֶעגֶעבֶּען רַיינֶע (לֶעדִיגֶע) צֶעהְן אִין אַלֶע
אַיירֶע

וְהָפַכְתִּי מֶרְכָּבָה וְרֹכְבֶיהָ וְיָרְדוּ סוּסִים וְרֹכְבֵיהֶם אִישׁ
23 בְּחֶרֶב אָחִיו׃ בַּיּוֹם הַהוּא נְאֻם־יְהוָה צְבָאוֹת אֶקָּחֲךָ
זְרֻבָּבֶל בֶּן־שְׁאַלְתִּיאֵל עַבְדִּי נְאֻם־יְהוָה וְשַׂמְתִּיךָ כַּחוֹתָם
כִּי־בְךָ בָחַרְתִּי נְאֻם יְהוָה צְבָאוֹת׃

אוּנְד אִיךְ וֶועל אִיבֶּערְקֶערֶען דִיא רֵייטְוֶועגֶען אוּנְד אִיהְרֶע רֵייטֶער, אוּנְד אִיךְ וֶועל אַרוּנְטֶערְבְּרֶענְגֶען דִיא פֶערְד אוּנְד זֵייעֶרֶע רֵייטֶער, אִיטְלִיכֶען דוּרְךְ דָאס שְׁוֶוערְד פוּן זַיין בְּרוּדֶער׃ 23 אִין דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען טָאג, זָאגְט דֶער הַאר צְבָאוֹת וֶועל אִיךְ דִיךְ נֶעמֶען, דוּא זְרוּבָּבֶל זוּהְן פוּן שְׁאַלְתִּיאֵל, מַיין קְנֶעכְט, זָאגְט דֶער הַאר, אוּנְד אִיךְ וֶועל דִיךְ מַאכֶען אַזוֹי וִויא אַ זִיגֶעל (חוֹתָם), וָוארִין אִיךְ הָאבּ דִיךְ אוֹיסְדֶערְוֶועהְלְט, זָאגְט דֶער הַאר צְבָאוֹת׃

---

# זכריה

---

א בַּחֹדֶשׁ הַשְּׁמִינִי בִּשְׁנַת שְׁתַּיִם לְדָרְיָוֶשׁ הָיָה דְבַר־יְהוָה
2 אֶל־זְכַרְיָה בֶּן־בֶּרֶכְיָה בֶּן־עִדּוֹ הַנָּבִיא לֵאמֹר׃ קָצַף יְהוָה
3 עַל־אֲבוֹתֵיכֶם קָצֶף׃ וְאָמַרְתָּ אֲלֵהֶם כֹּה אָמַר יְהוָה
צְבָאוֹת שׁוּבוּ אֵלַי נְאֻם יְהוָה צְבָאוֹת וְאָשׁוּב אֲלֵיכֶם
4 אָמַר יְהוָה צְבָאוֹת׃ אַל־תִּהְיוּ כַאֲבֹתֵיכֶם אֲשֶׁר קָרְאוּ־
אֲלֵיהֶם הַנְּבִאִים הָרִאשֹׁנִים לֵאמֹר כֹּה אָמַר יְהוָה צְבָאוֹת
שׁוּבוּ נָא מִדַּרְכֵיכֶם הָרָעִים וּמַעַלְלֵיכֶם הָרָעִים וְלֹא שָׁמְעוּ
ה וְלֹא־הִקְשִׁיבוּ אֵלַי נְאֻם־יְהוָה׃ אֲבוֹתֵיכֶם אַיֵּה־הֵם וְהַנְּבִאִים
6 הַלְעוֹלָם יִחְיוּ׃ אַךְ ׀ דְּבָרַי וְחֻקַּי אֲשֶׁר צִוִּיתִי אֶת־עֲבָדַי
הַנְּבִיאִים הֲלוֹא הִשִּׂיגוּ אֲבֹתֵיכֶם וַיָּשׁוּבוּ וַיֹּאמְרוּ כַּאֲשֶׁר זָמַם
יְהוָה צְבָאוֹת לַעֲשׂוֹת לָנוּ כִּדְרָכֵינוּ וּכְמַעֲלָלֵינוּ כֵּן עָשָׂה
7 אִתָּנוּ׃ בְּיוֹם עֶשְׂרִים וְאַרְבָּעָה לְעַשְׁתֵּי־עָשָׂר חֹדֶשׁ הוּא־
חֹדֶשׁ שְׁבָט בִּשְׁנַת שְׁתַּיִם לְדָרְיָוֶשׁ הָיָה דְבַר־יְהוָה אֶל־
8 זְכַרְיָה בֶּן־בֶּרֶכְיָהוּ בֶּן־עִדּוֹא הַנָּבִיא לֵאמֹר׃ רָאִיתִי ׀ הַלַּיְלָה
וְהִנֵּה־אִישׁ רֹכֵב עַל־סוּס אָדֹם וְהוּא עֹמֵד בֵּין הַהֲדַסִּים

---

# זכריה

---

1 אִין דֶעם אַכְטֶען חֹדֶשׁ, אִין דֶעם צְוֵוייטֶען יָאהְר פוּן דָרְיָוֶשׁ, אִיז דָאס וָוארְט פוּן
דֶעם הַאר גֶעוֶועזֶען צוּ זְכַרְיָה זוּהְן פוּן בֶּרֶכְיָה, זוּהְן פוּן עִדּוֹ הַנָּבִיא, אַזוֹי צוּ
זָאגֶען׃ 2 דֶער הַאר הָאט שְׁטַארְק גֶעצָארְנְט אוֹיף אֵייעֶרֶע עֶלְטֶערְן׃ 3 אוּנְד דוּא
זָאלְסְט צוּ זֵייא זָאגֶען, אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר צְבָאוֹת, קֶעהְרְט צוּרִיק צוּ מִיר, זָאגְט
דֶער הַאר צְבָאוֹת, אַזוֹי וֶועל אִיךְ מִיךְ צוּ אֵייךְ צוּרִיקְקֶעהְרֶען, זָאגְט דֶער הַאר
צְבָאוֹת׃ 4 אוּנְד אִיהְר זָאלְט נִיט זַיין אַזוֹי וִויא אֵייעֶרֶע אָבוֹת, צוּ וֶועלְכֶע דִיא
עֶרְשְׁטֶע נְבִיאִים הָאבֶּען גֶערוּפֶען, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר צְבָאוֹת,
קֶעהְרְט אֵייךְ דָאךְ אוּם פוּן אֵייעֶרֶע שְׁלֶעכְטֶע וֶועגֶען, אוּנְד פוּן אֵייעֶרֶע שְׁלֶעכְטֶע
מַעֲשִׂים, אָבֶּער אִיהְר הָאט מִיךְ נִיט גֶעוָואלְט הֶערֶען, אוּנְד אִיהְר הָאט נִיט גֶע־
וָואלְט פֶערְנֶעמֶען, זָאגְט דֶער הַאר׃ 5 אֵייעֶרֶע אָבוֹת, אַוְואוּ זֶענֶען זֵייא? אוּנְד
לֶעבֶּען דֶען דִיא נְבִיאִים אוֹיף עֶבִּיג? 6 אָבֶּער מֵיינֶע וֶוערְטֶער אוּנְד מֵיינֶע גֶע־
זֶעץ וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעבָּאטֶען צוּ מֵיינֶע קְנֶעכְט דִיא נְבִיאִים, הָאבֶּען זֵייא דֶען נִיט
דֶערְגְרִיכֶען אֵייעֶרֶע אָבוֹת? אוּנְד זֵייא זֶענֶען צוּרִיקְגֶעקוּמֶען אוּנְד הָאבֶּען גֶעזָאגְט,
גְרָאד אַזוֹי וִויא דֶער הַאר צְבָאוֹת הָאט גֶעטְרַאכְט צוּ אוּנְס צוּ טְהוּן, נָאךְ אוּנְזֶערֶע
וֶועגֶען אוּנְד נָאךְ אוּנְזֶערֶע שְׁלֶעכְטֶע מַעֲשִׂים, אַזוֹי הָאט עֶר צוּ אוּנְס גֶעטְהוּן׃ 7 אִין
דֶעם פִיעֶר אוּנְד צְוַואנְצִיגְסְטֶען טָאג פוּן דֶעם עֶלְפְטֶען חֹדֶשׁ, דָאס אִיז דֶער חֹדֶשׁ שְׁבָט,
אִין דֶעם צְוֵוייטֶען יָאהְר פוּן דָרְיָוֶשׁ, אִיז דָאס וָוארְט פוּן דֶעם הַאר גֶעוֶועזֶען צוּ זְכַרְיָה
בֶּן בֶּרֶכְיָה בֶּן עִדּוֹא הַנָּבִיא, אַזוֹי צוּ זָאגֶען׃ 8 אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען בֵּייא נַאכְט, אוּנְד זֶעה,
אַ מַאן הָאט גֶערִיטֶען אוֹיף אַ רוֹיט פֶערְד, אוּנְד עֶר אִיז גֶעשְׁטַאנֶען צְוִוישֶׁען דִיא הֲדַסִּים,

וואס

אֲשֶׁר בַּמְּצֻלָה וְאַחֲרָיו סוּסִים אֲדֻמִּים שְׂרֻקִּים וּלְבָנִים׃
9 וָאֹמַר מָה־אֵלֶּה אֲדֹנִי וַיֹּאמֶר אֵלַי הַמַּלְאָךְ הַדֹּבֵר בִּי אֲנִי
י אַרְאֶךָּ מָה־הֵמָּה אֵלֶּה׃ וַיַּעַן הָאִישׁ הָעֹמֵד בֵּין־הַהֲדַסִּים
11 וַיֹּאמַר אֵלֶּה אֲשֶׁר שָׁלַח יְהוָה לְהִתְהַלֵּךְ בָּאָרֶץ׃ וַיַּעֲנוּ
אֶת־מַלְאַךְ יְהוָה הָעֹמֵד בֵּין הַהֲדַסִּים וַיֹּאמְרוּ הִתְהַלַּכְנוּ
12 בָאָרֶץ וְהִנֵּה כָל־הָאָרֶץ יֹשֶׁבֶת וְשֹׁקָטֶת׃ וַיַּעַן מַלְאַךְ יְהוָה
וַיֹּאמַר יְהוָה צְבָאוֹת עַד־מָתַי אַתָּה לֹא־תְרַחֵם אֶת־
יְרוּשָׁלִַם וְאֵת עָרֵי יְהוּדָה אֲשֶׁר זָעַמְתָּה זֶה שִׁבְעִים שָׁנָה׃
13 וַיַּעַן יְהוָה אֶת־הַמַּלְאָךְ הַדֹּבֵר בִּי דְּבָרִים טוֹבִים דְּבָרִים
14 נִחֻמִים׃ וַיֹּאמֶר אֵלַי הַמַּלְאָךְ הַדֹּבֵר בִּי קְרָא לֵאמֹר כֹּה
אָמַר יְהוָה צְבָאוֹת קִנֵּאתִי לִירוּשָׁלִַם וּלְצִיּוֹן קִנְאָה גְדוֹלָה׃
טו וְקֶצֶף גָּדוֹל אֲנִי קֹצֵף עַל־הַגּוֹיִם הַשַּׁאֲנַנִּים אֲשֶׁר אֲנִי קָצַפְתִּי
16 מְּעָט וְהֵמָּה עָזְרוּ לְרָעָה׃ לָכֵן כֹּה־אָמַר יְהוָה שַׁבְתִּי
לִירוּשָׁלִַם בְּרַחֲמִים בֵּיתִי יִבָּנֶה בָּהּ נְאֻם יְהוָה צְבָאוֹת
17 וְקָוֶה יִנָּטֶה עַל־יְרוּשָׁלִָם׃ עוֹד ׀ קְרָא לֵאמֹר כֹּה אָמַר
יְהוָה צְבָאוֹת עוֹד תְּפוּצֶנָה עָרַי מִטּוֹב וְנִחַם יְהוָה עוֹד
אֶת־צִיּוֹן וּבָחַר עוֹד בִּירוּשָׁלִָם׃

ב

א 2 וָאֶשָּׂא אֶת־עֵינַי וָאֵרֶא וְהִנֵּה אַרְבַּע קְרָנוֹת׃ וָאֹמַר אֶל־
הַמַּלְאָךְ הַדֹּבֵר בִּי מָה־אֵלֶּה וַיֹּאמֶר אֵלַי אֵלֶּה הַקְּרָנוֹת
3 אֲשֶׁר זֵרוּ אֶת־יְהוּדָה אֶת־יִשְׂרָאֵל וִירוּשָׁלִָם׃ וַיַּרְאֵנִי
4 יְהוָה אַרְבָּעָה חָרָשִׁים׃ וָאֹמַר מָה אֵלֶּה בָאִים לַעֲשׂוֹת
וַיֹּאמֶר לֵאמֹר אֵלֶּה הַקְּרָנוֹת אֲשֶׁר־זֵרוּ אֶת־יְהוּדָה כְּפִי־
אִישׁ לֹא־נָשָׂא רֹאשׁוֹ וַיָּבֹאוּ אֵלֶּה לְהַחֲרִיד אֹתָם לְיַדּוֹת
אֶת־קַרְנוֹת הַגּוֹיִם הַנֹּשְׂאִים קֶרֶן אֶל־אֶרֶץ יְהוּדָה לְזָרוֹתָהּ׃
ה וָאֶשָּׂא עֵינַי וָאֵרֶא וְהִנֵּה־אִישׁ וּבְיָדוֹ חֶבֶל מִדָּה׃
6 וָאֹמַר אָנָה אַתָּה הֹלֵךְ וַיֹּאמֶר אֵלַי לָמֹד אֶת־יְרוּשָׁלִַם

וואס זענען אין דער טיפענים, אונד
הינטער איהם זענען געוועזען רויטע,
געשפרענקעלטע אונד ווייסע פערד:
9 אזוי האב איך געזאגט, אוי מיין האר,
וואס זענען דיא דאזיגע? אונד דער
מלאך וואס האט מיט מיר גערעט האט
צו מיר געזאגט, איך וועל דיר ווייזען
וואס דיא דאזיגע זענען: 10 אונד דער
מאן וואס איז געשטאנען צווישען דיא
הדסים האט געזאגט, דיא דאזיגע זענען
דיא וואס דער האר האט אויסגעשיקט
דורכצוגעהן דורך דיא ערד: 11 אונד
זייא האבען געענטפערט צו דעם מלאך
פון דעם האר וואס איז געשטאנען צווי־
שען דיא הדסים, אונד זייא האבען
געזאגט, מיר זענען דורכגעגאנגען דורך
דיא ערד, אונד זעה, דיא גאנצע ערד
זיצט שטיל, אונד איז רוהיג: 12 אונד
דער מלאך פון דעם האר האט געענט־
פערט אונד האט געזאגט, אוי האר
צבאות, ביז וויא לאנג ווילסט דוא דיך
ניט דערבארמען איבער ירושלים, אונד
איבער דיא שטעט פון יהודה, איבער
וועלכע דוא ביזט צארניג געוועזען דיזע
זיבעציג יאהרען? 13 אונד דער האר האט געענטפערט צו דעם מלאך וואס האט מיט
מיר גערעט גוטע ווערטער, אונד ווערטער פון טרויסט: 14 אונד דער מלאך וואס
האט מיט מיר גערעט, האט צו מיר געזאגט, רופ אויס, אזוי צו זאגען, אזוי זאגט דער
האר צבאות, איך האב מיך מקנא געוועזען וועגען ירושלים אונד וועגען ציון מיט א
גרויסע קנאה: 15 אונד איך האב געצארנט מיט א גרויסען צארן איבער דיא גוים
וואס לעבען מיט פערגעניגען, ווארין איך בין נאר א ביסעל צארניג געוועזען, אונד
זייא האבען געמעהרט זייער שלעכטעס: 16 דארום, אזוי זאגט דער האר, איך האב
צוריקגעקעהרט צו ירושלים מיט בארמהערציגקייט, מיין הויז זאל געבויעט ווערען
אין איהר, זאגט דער האר צבאות, אונד א שנור וועט אויסגעשטרעקט ווערען איבער
ירושלים: 17 רופ נאכאמאל אויס, אזוי צו זאגען, אזוי זאגט דער האר צבאות,
מיינע שטעט וועלען זיך נאך אויסשפרייטען וועגען דעם גוטען, אונד דער האר וועט
נאכאמאל ציון טרייסטען, אונד ער וועט נאכאמאל אויסדערוועלען ירושלים:

## קאפיטעל ב

1 אונד ווען איך האב אויפגעהויבען מיינע אויגען, אזוי האב איך געזעהען, אונד זעה,
עס ווארען פיער הערנער: 2 אונד איך האב געזאגט צו דעם מלאך וואס האט מיט
מיר גערעט, וואס זענען דיא דאזיגע? אונד ער האט צו מיר געזאגט, דיא דאזיגע
הערנער זענען דיא וואס האבען צושטרייט יהודה, אונד ישראל אונד ירושלים:
3 אונד דער האר האט מיר געוויזען פיער טישלער: 4 אונד איך האב געזאגט, וואס
זענען דיא דאזיגע געקומען צו טהון? אונד ער האט געזאגט, דיזע זענען דיא הערנער
וואס האבען צושטרייט יהודה אויף א זאלכען אופן דאס קיינער האט ניט אויפגע־
הויבען זיין קאפ, נייערט דיא דאזיגע זענען געקומען כדי זייא אפצושרעקען,
ארופצווארפען דיא הערנער פון דיא גוים וואס האבען אויפגעהויבען זייער הארן
איבער דעם לאנד יהודה עס צו פערשפרייטען: 5 אונד איך האב אויפגעהויבען
מיינע אויגען אונד איך האב געזעהען, אונד זעה, א מאן איז געשטאנען מיט א
מעסט־שנור אין זיינע האנד: 6 אזוי האב איך געזאגט, אוואו געהסט דוא
אהין? אונד ער האט צו מיר געזאגט, אויסצומעסטען ירושלים, צו זעהען

וויא

7 לִרְאוֹת כַּמָּה־רָחְבָּהּ וְכַמָּה אָרְכָּהּ׃ וְהִנֵּה הַמַּלְאָךְ הַדֹּבֵר
8 בִּי יֹצֵא וּמַלְאָךְ אַחֵר יֹצֵא לִקְרָאתוֹ׃ וַיֹּאמֶר אֵלָו רֻץ
דַּבֵּר אֶל־הַנַּעַר הַלָּז לֵאמֹר פְּרָזוֹת תֵּשֵׁב יְרוּשָׁלִַם מֵרֹב
9 אָדָם וּבְהֵמָה בְּתוֹכָהּ׃ וַאֲנִי אֶהְיֶה־לָּהּ נְאֻם־יְהוָה חוֹמַת
י אֵשׁ סָבִיב וּלְכָבוֹד אֶהְיֶה בְתוֹכָהּ׃ הוֹי הוֹי וְנֻסוּ
מֵאֶרֶץ צָפוֹן נְאֻם־יְהוָה כִּי כְּאַרְבַּע רוּחוֹת הַשָּׁמַיִם
11 פֵּרַשְׂתִּי אֶתְכֶם נְאֻם־יְהוָה׃ הוֹי צִיּוֹן הִמָּלְטִי יוֹשֶׁבֶת
12 בַּת־בָּבֶל׃ כִּי כֹה אָמַר יְהוָה צְבָאוֹת אַחַר כָּבוֹד
שְׁלָחַנִי אֶל־הַגּוֹיִם הַשֹּׁלְלִים אֶתְכֶם כִּי הַנֹּגֵעַ בָּכֶם נֹגֵעַ
13 בְּבָבַת עֵינוֹ׃ כִּי הִנְנִי מֵנִיף אֶת־יָדִי עֲלֵיהֶם וְהָיוּ שָׁלָל
14 לְעַבְדֵיהֶם וִידַעְתֶּם כִּי־יְהוָה צְבָאוֹת שְׁלָחָנִי׃ רָנִּי
וְשִׂמְחִי בַּת־צִיּוֹן כִּי הִנְנִי־בָא וְשָׁכַנְתִּי בְתוֹכֵךְ נְאֻם־יְהוָה׃
טו וְנִלְווּ גוֹיִם רַבִּים אֶל־יְהוָה בַּיּוֹם הַהוּא וְהָיוּ לִי לְעָם
וְשָׁכַנְתִּי בְתוֹכֵךְ וְיָדַעַתְּ כִּי־יְהוָה צְבָאוֹת שְׁלָחַנִי אֵלָיִךְ׃
16 וְנָחַל יְהוָה אֶת־יְהוּדָה חֶלְקוֹ עַל אַדְמַת הַקֹּדֶשׁ וּבָחַר
17 עוֹד בִּירוּשָׁלִָם׃ הַס כָּל־בָּשָׂר מִפְּנֵי יְהוָה כִּי נֵעוֹר
מִמְּעוֹן קָדְשׁוֹ׃

## ג

ג
א וַיַּרְאֵנִי אֶת־יְהוֹשֻׁעַ הַכֹּהֵן הַגָּדוֹל עֹמֵד לִפְנֵי מַלְאַךְ יְהוָה
2 וְהַשָּׂטָן עֹמֵד עַל־יְמִינוֹ לְשִׂטְנוֹ׃ וַיֹּאמֶר יְהוָה אֶל־הַשָּׂטָן
יִגְעַר יְהוָה בְּךָ הַשָּׂטָן וְיִגְעַר יְהוָה בְּךָ הַבֹּחֵר בִּירוּשָׁלִָם
3 הֲלוֹא זֶה אוּד מֻצָּל מֵאֵשׁ׃ וִיהוֹשֻׁעַ הָיָה לָבֻשׁ בְּגָדִים
4 צוֹאִים וְעֹמֵד לִפְנֵי הַמַּלְאָךְ׃ וַיַּעַן וַיֹּאמֶר אֶל־הָעֹמְדִים
לְפָנָיו לֵאמֹר הָסִירוּ הַבְּגָדִים הַצֹּאִים מֵעָלָיו וַיֹּאמֶר אֵלָיו
ה רְאֵה הֶעֱבַרְתִּי מֵעָלֶיךָ עֲוֺנֶךָ וְהַלְבֵּשׁ אֹתְךָ מַחֲלָצוֹת׃ וָאֹמַר
יָשִׂימוּ צָנִיף טָהוֹר עַל־רֹאשׁוֹ וַיָּשִׂימוּ הַצָּנִיף הַטָּהוֹר עַל־
6 רֹאשׁוֹ וַיַּלְבִּשֻׁהוּ בְּגָדִים וּמַלְאַךְ יְהוָה עֹמֵד׃ וַיָּעַד מַלְאַךְ

וויא פיל זיא איז ברייט אונד וויא פיל זיא איז לאנג: 7 אונד זעה, דער מלאך וואס האט מיט מיר גערעט איז ארויסגעגאנגען, אונד איין אנדערער מלאך איז ארויסגעגאנגען איהם ענטקעגען: 8 אונד ער האט צו איהם געזאגט, לויף אונד רעד צו דעם דאזיגען יונג אזוי צו זאגען; ירושלים וועט בעוואוינט ווערען אזוי וויא אפענע שטעט (אהן מויערן) פון וועגען פיל מענשען אונד בהמות צווישען איהר: 9 אבער איך וועל זיין צו איהר א מויער פון פייער רינגס ארום. זאגט דער האר, אונד איך וועל אויך זיין אין איהרע מיטע צו כבוד: 10 הוי! הוי! לויפט דאך אוועק פון דעם צפון־לאנד, זאגט דער האר, ווארין איך וועל אייך פערשפרייטען צו אלע פיער זייטען פון דעם הימעל, זאגט דער האר: 11 הוי ציון! אנטרין דיך דאך, דו וואס וואוינסט מיט דיא טאכטער פון בבל: 12 ווארין אזוי זאגט דער האר צבאות, נאך דעם כבוד האט ער מיך געשיקט צו דיא גוים וואס האבען אייך בערויבט, ווארין דער וואס ריהרט אייך אן, דער איז אזוי וויא ער ריהרט אן זיין אויג־אפעל: 13 ווארין זעה, איך וועל איבער זייא אויפהעבען (שאקעלן) מיינע האנד, אונד זייא וועלען זיין א רויבונג צו זייערע קנעכט, אונד איהר וועט וויסען אז דער האר צבאות האט מיך (צו אייך) געשיקט: 14 זינג אונד פרייא דיך, א טאכטער פון ציון, ווארין זעה, איך קום, אונד איך וועל צווישען דיר וואוינען, זאגט דער האר: 15 אונד אין דעמזעלביגען טאג וועלען זיך פיל גוים בעהעפטען צו דעם האר, אונד זייא וועלען זיין צו מיר א פאלק, אונד איך וועל צווישען דיר וואוינען, אונד דו זאלסט וויסען דאס דער האר צבאות האט מיך צו דיר געשיקט: 16 אונד דער האר וועט יהודה מאכען ירשנ׳ן זיין חלק אויף דעם הייליגען לאנד, אונד ער וועט נאכאמאל אויסדערוועהלען ירושלים: 17 לאז אלעם פלייש שטיל זיין פאר דעם האר, ווארין ער האט זיך דערוועקט פון זיינע הייליגע וואוינונג:

## קאפיטעל ג

1 אונד ער האט מיר געוויזען יהושע דעם כהן הגדול שטעהן פאר דעם מלאך פון דעם האר, אונד דער שטן איז געשטאנען ביי זיינע רעכטע האנד איהם צו פערקלאגען (אדער מקטרג צו זיין): 2 אונד דער האר האט געזאגט צו דעם שטן, דער האר זאל דיך אנשרייען, דו שטן; יוא, דער האר וואס האט אויסדערוועהלט ירושלים זאל דיך אנשרייען, איז דאס ניט א בראנד וואס איז ניצול געווארען פון דעם פייער: 3 אונד יהושע איז געוועזען אנגעקלייד מיט איינגעריכטע קליידער, ווען ער איז געשטאנען פאר דעם מלאך: 4 אונד ער האט געענטפערט אונד געזאגט צו דיא וואס זענען פאר איהם געשטאנען, אזוי צו זאגען, טהוט אפ פון איהם דיא איינגעריכטע קליידער, אונד ער האט צו איהם געזאגט, זעה, איך האב געמאכט אז דיינע זינד זאלען פון דיר אוועקגענומען ווערען, אונד איך וועל דיך בעקליידען מיט הערליכע קליידער: 5 אונד איך האב געזאגט, לאז מען איהם אנטהון א ריינעם הוט אויף זיין קאפ, אזוי האט מען איהם אנגעטהון א ריינעם הוט אויף זיין קאפ, אונד מען האט איהם אנגעקלייד מיט קליידער, אונד דער מלאך פון דעם האר איז נעבען איהם געשטאנען: 6 אונד דער מלאך פון דעם האר האט קעגען

יהושע עדות געזאגט, אזוי צו זאגען:
7 אזוי זאגט דער האר צבאות, ווען דוא
וועסט געהן אין מיינע וועגע אונד דוא
וועסט היטען מיינע היטונג, אזוי זאלסט
דוא אויך משפט'ן איבער מיין הויז, אונד
דוא וועסט אויך היטען מיין פארהויף,
אונד איך וועל דיר געבען ערטער צו
געהן צווישען דיא דאזיגע וואס שטעהען
דא: 8 הער דאך יהושע כהן הגדול, דוא
אונד דיינע פריינדע וואס זיצען פאר
דיר, ווארין זייא זענען מענער פון וואונ־
דער־צייכען, ווארין זעה, איך וועל
אהערברענגען מיין קנעכט צמח: 9 ווא־
רין זעה, דעם שטיין וואס איך האב
פארגעלעגט פאר יהושע, אויף דעם
איינעם שטיין זענען זיבען אויגען; זעה,
איך וועל אויסקריצען איהרע אויסקרי־
צונג, זאגט דער האר צבאות, אונד איך
וועל אוועקטהון דיא זינד פון דעמזעל־
ביגען לאנד אין איין טאג: 10 אין
דעמזעלביגען טאג זאגט דער האר
צבאות, וועט איהר רופען, איטליכער
זיין פריינד אונטער דעם וויינשטאק
אונד אונטער דעם פייגענבוים:

יהוה ביהושע לאמר: כה־אמר יהוה צבאות אם־בדרכי 7
תלך ואם את־משמרתי תשמר וגם־אתה תדין את־ביתי
וגם תשמר את־חצרי ונתתי לך מהלכים בין העמדים
האלה: שמע־נא יהושע ׀ הכהן הגדול אתה ורעיך 8
הישבים לפניך כי־אנשי מופת המה כי־הנני מביא את־
עבדי צמח: כי ׀ הנה האבן אשר נתתי לפני יהושע 9
על־אבן אחת שבעה עינים הנני מפתח פתחה נאם יהוה
צבאות ומשתי את־עון הארץ־ההיא ביום אחד: ביום י
ההוא נאם יהוה צבאות תקראו איש לרעהו אל־תחת
גפן ואל־תחת תאנה:

## ד

וישב המלאך הדבר בי ויעירני כאיש אשר־יעור משנתו: א
ויאמר אלי מה אתה ראה ויאמר ראיתי והנה מנורת 2
זהב כלה וגלה על־ראשה ושבעה נרתיה עליה שבעה
ושבעה מוצקות לנרות אשר על־ראשה: ושנים זיתים 3
עליה אחד מימין הגלה ואחד על־שמאלה: ואען ואמר 4
אל־המלאך הדבר בי לאמר מה־אלה אדני: ויען המלאך ה
הדבר בי ויאמר אלי הלוא ידעת מה־המה אלה ואמר
לא אדני: ויען ויאמר אלי לאמר זה דבר־יהוה אל־ 6
זרבבל לאמר לא בחיל ולא בכח כי אם־ברוחי אמר
יהוה צבאות: מי־אתה הר־הגדול לפני זרבבל למישר 7
והוציא את־האבן הראשה תשאות חן ׀ חן לה:
ויהי דבר־יהוה אלי לאמר: ידי זרבבל יסדו הבית הזה 8 9
וידיו תבצענה וידעת כי־יהוה צבאות שלחני אליכם:
כי מי בז ליום קטנות ושמחו וראו את־האבן הבדיל ביד י
זרבבל שבעה־אלה עיני יהוה המה משוטטים בכל־
הארץ: ואען ואמר אליו מה־שני הזיתים האלה על־ 11

## קאפיטעל ד

1 אונד דער מלאך וואס האט מיט מיר גערעט איז צוריקגעקומען, אונד ער האט מיך
אויפגעוועקט, אזוי וויא א מאן ווערט אויפגעוועקט פון זיין שלאף: 2 אונד ער האט
צו מיר געזאגט, וואס זעהסט דוא? אזוי האב איך געזאגט, איך האב געזעהען, אונד
זעה, א מנורה אים גאנצען אוים גאלד, מיט א (קליין) בעקען אויף איהר שפיץ, אונד
זיבען לאמפען דערפון, אונד זיבען רוהרען צו דיא לאמפען וואס זענען אויף איהר
שפיץ: 3 אונד צוויא איילבערט־ביימער נעבען איהר, איינער אן דער רעכטער זייט
פון דעם בעקען, אונד איינער אן איהרע לינקע זייט: 4 אונד איך האב געענטפערט
אונד געזאגט צו דעם מלאך וואס האט מיט מיר גערעט, אזוי צו זאגען, וואס זענען
דיא דאזיגע מיין האר? 5 אונד דער מלאך וואס האט מיט מיר גערעט האט געענט־
פערט, אונד ער האט צו מיר געזאגט, ווייסט דוא ניט וואס דיא דאזיגע זענען? אזוי
האב איך געזאגט, ניין! מיין האר: 6 אונד ער האט געענטפערט אונד האט צו מיר
געזאגט אזוי צו זאגען, דאס איז דאס ווארט פון דעם האר צו זרבבל אזוי צו זאגען,
עס איז ניט דורך מאכט, אונד ניט דורך כח, נייערט נור דורך מיין רוח הקודש, זאגט
דער האר צבאות: 7 ווער ביזט דוא, דוא גרויסער בארג? פאר זרבבל וועסט דוא
ווערען צו א גלייכען פלאץ, אונד דוא וועסט ארויסברענגען דעם אויבערשטען
שטיין מיט פריידענגעשרייא, חן, חן, צו איהר: 8 אונד דאס ווארט פון דעם האר איז
צו מיר געוועזען אזוי צו זאגען: 9 דיא הענד פון זרבבל האבען געלעגט דעם
גרונדשטיין פון דעם דאזיגען הויז, אונד זיינע הענד וועלען עס פערטיג מאכען, אונד
דוא זאלסט וויסען אז דער האר צבאות האט מיך צו אייך געשיקט: 10 ווארין
ווער איז דער וואס האט מבזה געוועזען דעם טאג פון קליינע זאכען? ווארין זייא
וועלען זיך פרייען אונד זייא וועלען זעהען דיא בלייא־שנור אין דיא האנד פון
זרבבל. דיא דאזיגע זיבען, זענען דיא אויגען פון דעם האר, זייא פערשפרייטען
זיך אויף דער גאנצער ערד: 11 אונד איך האב געענטפערט אונד האב צו
איהם געזאגט, וואס זענען דיא דאזיגע צוויא איילבערט־ביימער אויף דער

12 יְמִין הַמְּנוֹרָה וְעַל־שְׂמֹאולָהּ׃ וָאַעַן שֵׁנִית וָאֹמַר אֵלָיו
מַה־שְּׁתֵּי שִׁבֲּלֵי הַזֵּיתִים אֲשֶׁר בְּיַד שְׁנֵי צַנְתְּרוֹת הַזָּהָב
13 הַמְרִיקִים מֵעֲלֵיהֶם הַזָּהָב׃ וַיֹּאמֶר אֵלַי לֵאמֹר הֲלוֹא
14 יָדַעְתָּ מָה־אֵלֶּה וָאֹמַר לֹא אֲדֹנִי׃ וַיֹּאמֶר אֵלֶּה שְׁנֵי בְנֵי־
הַיִּצְהָר הָעֹמְדִים עַל־אֲדוֹן כָּל־הָאָרֶץ׃

ה

2 א וָאָשׁוּב וָאֶשָּׂא עֵינַי וָאֶרְאֶה וְהִנֵּה מְגִלָּה עָפָה׃ וַיֹּאמֶר
אֵלַי מָה אַתָּה רֹאֶה וָאֹמַר אֲנִי רֹאֶה מְגִלָּה עָפָה אָרְכָּהּ
3 עֶשְׂרִים בָּאַמָּה וְרָחְבָּהּ עֶשֶׂר בָּאַמָּה׃ וַיֹּאמֶר אֵלַי זֹאת
הָאָלָה הַיּוֹצֵאת עַל־פְּנֵי כָל־הָאָרֶץ כִּי כָל־הַגֹּנֵב מִזֶּה
4 כָּמוֹהָ נִקָּה וְכָל־הַנִּשְׁבָּע מִזֶּה כָּמוֹהָ נִקָּה׃ הוֹצֵאתִיהָ נְאֻם
יְהוָה צְבָאוֹת וּבָאָה אֶל־בֵּית הַגַּנָּב וְאֶל־בֵּית הַנִּשְׁבָּע בִּשְׁמִי
לַשָּׁקֶר וְלָנָה בְּתוֹךְ בֵּיתוֹ וְכִלַּתּוּ וְאֶת־עֵצָיו וְאֶת־אֲבָנָיו׃
ה וַיֵּצֵא הַמַּלְאָךְ הַדֹּבֵר בִּי וַיֹּאמֶר אֵלַי שָׂא נָא עֵינֶיךָ וּרְאֵה
6 מָה הַיּוֹצֵאת הַזֹּאת׃ וָאֹמַר מַה־הִיא וַיֹּאמֶר זֹאת הָאֵיפָה
7 הַיּוֹצֵאת וַיֹּאמֶר זֹאת עֵינָם בְּכָל־הָאָרֶץ׃ וְהִנֵּה כִּכַּר עֹפֶרֶת
8 נִשֵּׂאת וְזֹאת אִשָּׁה אַחַת יוֹשֶׁבֶת בְּתוֹךְ הָאֵיפָה׃ וַיֹּאמֶר
זֹאת הָרִשְׁעָה וַיַּשְׁלֵךְ אֹתָהּ אֶל־תּוֹךְ הָאֵיפָה וַיַּשְׁלֵךְ אֶת־
9 אֶבֶן הָעֹפֶרֶת אֶל־פִּיהָ׃ וָאֶשָּׂא עֵינַי וָאֵרֶא וְהִנֵּה שְׁתַּיִם
נָשִׁים יוֹצְאוֹת וְרוּחַ בְּכַנְפֵיהֶם וְלָהֵנָּה כְנָפַיִם כְּכַנְפֵי הַחֲסִידָה
י וַתִּשֶּׂנָה אֶת־הָאֵיפָה בֵּין הָאָרֶץ וּבֵין הַשָּׁמָיִם׃ וָאֹמַר אֶל־
הַמַּלְאָךְ הַדֹּבֵר בִּי אָנָה הֵמָּה מוֹלִכוֹת אֶת־הָאֵיפָה׃
11 וַיֹּאמֶר אֵלַי לִבְנוֹת־לָה בַיִת בְּאֶרֶץ שִׁנְעָר וְהוּכַן וְהֻנִּיחָה
שָׁם עַל־מְכֻנָתָהּ׃

ו

א וָאָשֻׁב וָאֶשָּׂא עֵינַי וָאֶרְאֶה וְהִנֵּה אַרְבַּע מַרְכָּבוֹת יֹצְאוֹת
2 מִבֵּין שְׁנֵי הֶהָרִים וְהֶהָרִים הָרֵי נְחֹשֶׁת׃ בַּמֶּרְכָּבָה הָרִאשֹׁנָה

רעכטע זייט אונד לינקער זייט פון דער מנורה? 12 אונד איך האב דאס אנדערע מאל געענטפערט אונד צו איהם געזאגט, וואס זענען דיא צוויא צווייגען פון דיא איילבערט־ביימער וואס זענען אן דער זייט פון דיא צוויא גאלדענע רוירען וואס לעדיגען זיך אוים פון זייא? 13 אונד ער האט צו מיר געזאגט, ווייסט דוא ניט וואס דיזע זענען? אונד איך האב געזאגט, ניין, מיין האר: 14 אונד ער האט געזאגט, דיזע זענען דיא צוויא זיהן פון יצהר (דעם געזאלבטען), וואס שטעהען בייא דעם האר פון דער גאנצער ערד:

קאפיטעל ה

1 אונד איך האב מיך אומגעקעהרט, אונד האב אויפגעהויבען מיינע אויגען, אונד ווען איך האב געזעהען, אונד זעה, א פליענדע מגלה: 2 אונד ער האט צו מיר געזאגט, וואס זעהסט דוא? אזוי האב איך געזאגט, איך זעה א פליענדע מגלה, צוואנציג עלען לאנג אונד צעהן עלען ברייט: 3 אונד ער האט צו מיר געזאגט, דאס איז דיא קללה וואס געהט ארוים איבער דער גאנצער וועלט, וואריין איטליכער וואס גנב'ת פון דעם, דער ווערט נאכדעם אפגעשניטען, אונד איטליכער וואס שווערט פון דעם, דער וועט נאכדעם אפגעשניטען ווערען: 4 איך וועל עס ארויסברענגען זאגט דער האר צבאות, אונד עס וועט אריינקומען אין דעם הויז פון דעם גנב, אונד אין דעם הויז פון דעם וואס שווערט פאלש בייא מיין נאמען, אונד עס וועט בלייבען אין דער מיטען פון זיין הויז, אונד עס וועט פערצעהרען דאס האלץ אונד דיא שטיינער דערפון: 5 אונד דער מלאך וואס האט מיט מיר גערעט איז ארויסגעגאנגען, אונד ער האט צו מיר געזאגט, העב דאך אויף דיינע אויגען, אונד זעה, וואס דאס איז וואס געהט ארוים: 6 אזוי האב איך געזאגט, וואס איז עס? אונד ער האט געזאגט, דיא דאזיגע איפה איז ארויסגעגאנגען, אונד ער האט ווייטער געזאגט, אונד דאס דאזיגע איז זייערע געשטאלט (אויגען) איבער דער גאנצער ערד: 7 אונד זעה, א צענטנער בלייא איז אויפגעהויבען געווארען, אונד דאס איז א ווייב וואס זיצט אין דער מיטען פון דער איפה: 8 אונד ער האט געזאגט, דאס איז דאס רשעות, אונד ער האט עס אריינגעווארפען אין דער מיטען פון דער איפה, אונד ער האט אויך געווארפען דאס בלייערנע געוויכט אויף איהר מויל: 9 אונד איך האב אויפגעהויבען מיינע אויגען אונד איך האב געזעהען, אונד זעה, צוויא ווייבער זענען ארויסגעקומען אונד עס איז געוועזען א ווינד אין זייערע פליגעל, אבער זייערע פליגעל זענען געוועזען אזוי וויא דיא פליגעל פון א שטארך, אונד זייא האבען אויפגעהויבען דיא איפה צווישען דיא ערד אונד צווישען דעם הימעל: 10 אונד איך האב געזאגט צו דעם מלאך וואס האט מיט מיר גערעט, אוואו טהון זייא אהינפיהרען דיא איפה? 11 אונד ער האט צו מיר געזאגט, צו בויען א הויז דערפון אין דעם לאנד שנער, אונד עס וועט אנגעברייט ווערען, אונד עס וועט דארט אהינגעלעגט ווערען אויף איהרע אייגענע אנברייטונג:

קאפיטעל ו

1 אונד איך האב מיך אומגעקעהרט, אונד איך האב אויפגעהויבען מיינע אויגען, אונד איך האב געזעהען, אונד זעה, פיער רייטוועגען זענען ארויסגעקומען פון צווישען דיא צוויא בערג, אונד דיא בערג זענען געוועזען בערג פון קופער: 2 אין דעם ערשטען רייטוואגען

סוּסִים אֲדֻמִּים וּבַמֶּרְכָּבָה הַשֵּׁנִית סוּסִים שְׁחֹרִים׃
וּבַמֶּרְכָּבָה הַשְּׁלִשִׁית סוּסִים לְבָנִים וּבַמֶּרְכָּבָה הָרְבִעִית 3
סוּסִים בְּרֻדִּים אֲמֻצִּים׃ וָאַעַן וָאֹמַר אֶל־הַמַּלְאָךְ הַדֹּבֵר 4
בִּי מָה־אֵלֶּה אֲדֹנִי׃ וַיַּעַן הַמַּלְאָךְ וַיֹּאמֶר אֵלָי אֵלֶּה אַרְבַּע ה
רֻחוֹת הַשָּׁמַיִם יוֹצְאוֹת מֵהִתְיַצֵּב עַל־אֲדוֹן כָּל־הָאָרֶץ׃
אֲשֶׁר־בָּהּ הַסּוּסִים הַשְּׁחֹרִים יֹצְאִים אֶל־אֶרֶץ צָפוֹן 6
וְהַלְּבָנִים יָצְאוּ אֶל־אַחֲרֵיהֶם וְהַבְּרֻדִּים יָצְאוּ אֶל־אֶרֶץ
הַתֵּימָן׃ וְהָאֲמֻצִּים יָצְאוּ וַיְבַקְשׁוּ לָלֶכֶת לְהִתְהַלֵּךְ בָּאָרֶץ 7
וַיֹּאמֶר לְכוּ הִתְהַלְּכוּ בָאָרֶץ וַתִּתְהַלַּכְנָה בָּאָרֶץ׃ וַיַּזְעֵק 8
אֹתִי וַיְדַבֵּר אֵלַי לֵאמֹר רְאֵה הַיּוֹצְאִים אֶל־אֶרֶץ צָפוֹן הֵנִיחוּ
אֶת־רוּחִי בְּאֶרֶץ צָפוֹן׃ וַיְהִי דְבַר־יְהוָה אֵלַי לֵאמֹר׃ 9
לָקוֹחַ מֵאֵת הַגּוֹלָה מֵחֶלְדַּי מֵאֵת טוֹבִיָּה וּמֵאֵת יְדַעְיָה י
וּבָאתָ אַתָּה בַּיּוֹם הַהוּא וּבָאתָ בֵּית יֹאשִׁיָּה בֶן־צְפַנְיָה
אֲשֶׁר־בָּאוּ מִבָּבֶל׃ וְלָקַחְתָּ כֶסֶף־וְזָהָב וְעָשִׂיתָ עֲטָרוֹת 11
וְשַׂמְתָּ בְּרֹאשׁ יְהוֹשֻׁעַ בֶּן־יְהוֹצָדָק הַכֹּהֵן הַגָּדוֹל׃ וְאָמַרְתָּ 12
אֵלָיו לֵאמֹר כֹּה אָמַר יְהוָה צְבָאוֹת לֵאמֹר הִנֵּה־אִישׁ צֶמַח
שְׁמוֹ וּמִתַּחְתָּיו יִצְמָח וּבָנָה אֶת־הֵיכַל יְהוָה׃ וְהוּא יִבְנֶה 13
אֶת־הֵיכַל יְהוָה וְהוּא־יִשָּׂא הוֹד וְיָשַׁב וּמָשַׁל עַל־כִּסְאוֹ וְהָיָה
כֹהֵן עַל־כִּסְאוֹ וַעֲצַת שָׁלוֹם תִּהְיֶה בֵּין שְׁנֵיהֶם׃ וְהָעֲטָרֹת 14
תִּהְיֶה לְחֵלֶם וּלְטוֹבִיָּה וְלִידַעְיָה וּלְחֵן בֶּן־צְפַנְיָה לְזִכָּרוֹן
בְּהֵיכַל יְהוָה׃ וּרְחוֹקִים ׀ יָבֹאוּ וּבָנוּ בְּהֵיכַל יְהוָה וִידַעְתֶּם טו
כִּי־יְהוָה צְבָאוֹת שְׁלָחַנִי אֲלֵיכֶם וְהָיָה אִם־שָׁמוֹעַ תִּשְׁמְעוּן
בְּקוֹל יְהוָה אֱלֹהֵיכֶם׃

ז

וַיְהִי בִּשְׁנַת אַרְבַּע לְדָרְיָוֶשׁ הַמֶּלֶךְ הָיָה דְבַר־יְהוָה אֶל־ א
זְכַרְיָה בְּאַרְבָּעָה לַחֹדֶשׁ הַתְּשִׁעִי בְּכִסְלֵו׃ וַיִּשְׁלַח בֵּית־ 2
אֵל שַׂרְאֶצֶר וְרֶגֶם מֶלֶךְ וַאֲנָשָׁיו לְחַלּוֹת אֶת־פְּנֵי יְהוָה׃

זֶענֶען גֶעוֶועזֶען רוֹיטֶע פֶערְד, אוּנְד אִין דֶעם צְווייטֶען רֵייטְוָואגֶען זֶענֶען גֶעוֶועזֶען שְׁוַוארְצֶע פֶערְד: 3 אוּנְד אִין דֶעם דְרִיטֶען רֵייטְוָואגֶען זֶענֶען גֶעוֶועזֶען ווייסֶע פֶערְד, אוּנְד אִין דֶעם פִיעֶרְטֶען רֵייטְוָואגֶען זֶענֶען גֶעוֶועזֶען גֶעפְלֶעקְטֶע אוּנְד בְּרוֹינֶע פֶערְד: 4 אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד גֶעזָאגְט צוּ דֶעם מַלְאָךְ ווָאס הָאט מִיט מִיר גֶערֶעט, ווָאס זֶענֶען דִיא דָאזִיגֶע, מֵיין הַאר? 5 אוּנְד דֶער מַלְאָךְ הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט, אוּנְד עֶר הָאט צוּ מִיר גֶעזָאגְט, דִיא דָאזִיגֶע זֶענֶען דִיא פִיעֶר רוּחוֹת פוּן דֶעם הִימֶעל, ווָאס גֶעהֶען אַרוֹיס פוּן שְׁטֶעהְן בַּייא דֶעם הַאר פוּן דֶער גַאנְצֶען ווֶעלְט: 6 דֶער (רֵייטְוָואגֶען) ווָאס הָאט שְׁוַוארְצֶע פֶערְד גֶעהְט אַרוֹיס צוּ דֶעם לַאנְד פוּן צָפוֹן־זֵייט, אוּנְד דִיא ווייסֶע גֶעהֶען אַרוֹיס נָאךְ זֵייא, אוּנְד דִיא גֶעפְלֶעקְטֶע גֶעהֶען אַרוֹיס צוּ דֶעם לַאנְד פוּן דָרוֹם־זֵייט: 7 אוּנְד דִיא בְּרוֹינֶע זֶענֶען אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען אוּנְד הָאבֶּען גֶעזוּכְט צוּ גֶעהְן אַז זֵייא זָאלֶען קֶענֶען אַהִין אוּנְד אַהֶער גֶעהְן דוּרְךְ דֶעם לַאנְד, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, גֶעהְט דוּרְךְ דֶעם לַאנְד, אוּנְד זֵייא זֶענֶען דוּרְכְגֶעגַאנְגֶען אִין דֶעם לַאנְד: 8 אוּנְד עֶר הָאט צוּ מִיר גֶעשְׁרִיעֶן, אוּנְד עֶר הָאט צוּ מִיר גֶערֶעט, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, זֶעה, דִיא ווָאס זֶענֶען אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען צוּ דֶעם צָפוֹן־לַאנְד הָאבֶּען גֶעשְׁטִילְט מֵיין רוּחַ אִין צָפוֹן־לַאנְד: 9 אוּנְד דָאס ווָארְט פוּן דֶעם הַאר אִיז גֶעוֶועזֶען צוּ מִיר, אַזוֹי צוּ זָאגֶען: 10 נֶעם פוּן דִיא ווָאס זֶענֶען אִין גָלוּת, (דְהַיְינוּ), פוּן חֶלְדַי, אוּנְד פוּן טוֹבִיָה, אוּנְד פוּן יְדַעְיָה, אוּנְד דוּא זָאלְסְט קוּמֶען אִין דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען טָאג אוּנְד גֶעה אַרֵיין אִין דֶעם הוֹיז פוּן יֹאשִׁיָה בֶּן צְפַנְיָה ווָאס זֶענֶען גֶעקוּמֶען פוּן בָּבֶל: 11 אוּנְד דוּא זָאלְסְט פוּן זֵייא נֶעמֶען זִילְבֶּער אוּנְד גָאלְד, אוּנְד מַאךְ קְרוֹינֶען, אוּנְד דוּא זָאלְסְט זֵייא טְהוּן אוֹיף דֶעם קָאפּ פוּן יְהוֹשֻׁעַ בֶּן יְהוֹצָדָק דֶעם כֹּהֵן הַגָּדוֹל: 12 אוּנְד דוּא זָאלְסְט צוּ אִיהְם זָאגֶען, אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר צְבָאוֹת, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, זֶעה, דֶעם מַאן ווָאס זֵיין נָאמֶען אִיז צֶמַח, ווָארִין עֶר ווֶעט שְׁפְּרָאצֶען פוּן זֵיין אָרְט, אוּנְד עֶר ווֶעט בּוֹיעֶן דֶעם הֵיכַל פוּן דֶעם הַאר: 13 יוֹא, עֶר ווֶעט בּוֹיעֶן דֶעם הֵיכַל פוּן דֶעם הַאר, אוּנְד עֶר ווֶעט טְרָאגֶען דִיא שֶׁעהְנְהֵייט, אוּנְד עֶר ווֶעט זִיצֶען אוּנְד גֶעוֶועלְטִיגֶען אוֹיף דֶעם טְרוֹין־שְׁטוּל, אוּנְד עֶר ווֶעט זֵיין אַ כֹּהֵן אוֹיף זֵיין טְרוֹין־שְׁטוּל, אוּנְד דִיא עֵצָה פוּן שָׁלוֹם ווֶעט זֵיין צְווִישֶׁען בֵּיידֶע: 14 אוּנְד דִיא קְרוֹינֶען זָאלֶען זֵיין פַאר חֵלֶם, אוּנְד פַאר טוֹבִיָה, אוּנְד פַאר יְדַעְיָה, אוּנְד פַאר חֵן זוּהְן פוּן צְפַנְיָה, צוּם אָנְדֶענְקֶען אִין דֶעם הֵיכַל פוּן דֶעם הַאר: 15 אוּנְד דִיא ווָאס זֶענֶען פוּן ווייטֶען זָאלֶען קוּמֶען, אוּנְד בּוֹיעֶן אִין דֶעם הֵיכַל פוּן דֶעם הַאר, אוּנְד אִיהְר זָאלְט ווִיסֶען אַז דֶער הַאר צְבָאוֹת הָאט מִיךְ צוּ אֵייךְ גֶעשִׁיקְט, אוּנְד דָאס ווֶעט זֵיין ווֶען אִיהְר ווֶעט גֶעווִיס גֶעהָארְכֶען צוּ דֶעם קוֹל פוּן דֶעם הַאר אֵייעֶר גָאט:

## קאפיטעל ז

1 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אִין דֶעם פִיעֶרְטֶען יָאהְר פוּן דָרְיָוֶשׁ הַמֶּלֶךְ, אִיז דָאס ווָארְט פוּן דֶעם הַאר גֶעוֶועזֶען צוּ זְכַרְיָה, אִין דֶעם פִיעֶרְטֶען טָאג פוּן דֶעם נֵיינְטֶען חֹדֶשׁ, דְהַיְינוּ, כִּסְלֵו: 2 אוּנְד בֵּית־אֵל הָאט גֶעשִׁיקְט שַׂרְאֶצֶר אוּנְד רֶגֶם מֶלֶךְ אוּנְד זֵיינֶע לֵייט, אָנְצוּבֶּעטֶען דָאס פְּנִים פוּן דֶעם הַאר:

3 לֵאמֹר אֶל־הַכֹּהֲנִים אֲשֶׁר לְבֵית־יְהוָה צְבָאוֹת וְאֶל־הַנְּבִיאִים
לֵאמֹר הַאֶבְכֶּה בַּחֹדֶשׁ הַחֲמִשִׁי הִנָּזֵר כַּאֲשֶׁר עָשִׂיתִי זֶה
4 כַּמֶּה שָׁנִים׃ וַיְהִי דְּבַר־יְהוָה צְבָאוֹת אֵלַי לֵאמֹר׃
ה אֱמֹר אֶל־כָּל־עַם הָאָרֶץ וְאֶל־הַכֹּהֲנִים לֵאמֹר כִּי־צַמְתֶּם
וְסָפוֹד בַּחֲמִישִׁי וּבַשְּׁבִיעִי וְזֶה שִׁבְעִים שָׁנָה הֲצוֹם צַמְתֻּנִי
6 אָנִי׃ וְכִי תֹאכְלוּ וְכִי תִשְׁתּוּ הֲלוֹא אַתֶּם הָאֹכְלִים וְאַתֶּם
7 הַשֹּׁתִים׃ הֲלוֹא אֶת־הַדְּבָרִים אֲשֶׁר קָרָא יְהוָה בְּיַד
הַנְּבִיאִים הָרִאשֹׁנִים בִּהְיוֹת יְרוּשָׁלִַם יֹשֶׁבֶת וּשְׁלֵוָה וְעָרֶיהָ
8 סְבִיבֹתֶיהָ וְהַנֶּגֶב וְהַשְּׁפֵלָה יֹשֵׁב׃ וַיְהִי דְּבַר־יְהוָה
9 אֶל־זְכַרְיָה לֵאמֹר׃ כֹּה אָמַר יְהוָה צְבָאוֹת לֵאמֹר מִשְׁפַּט
י אֱמֶת שְׁפֹטוּ וְחֶסֶד וְרַחֲמִים עֲשׂוּ אִישׁ אֶת־אָחִיו׃ וְאַלְמָנָה
וְיָתוֹם גֵּר וְעָנִי אַל־תַּעֲשֹׁקוּ וְרָעַת אִישׁ אָחִיו אַל־תַּחְשְׁבוּ
11 בִּלְבַבְכֶם׃ וַיְמָאֲנוּ לְהַקְשִׁיב וַיִּתְּנוּ כָתֵף סֹרָרֶת וְאָזְנֵיהֶם
12 הִכְבִּידוּ מִשְּׁמוֹעַ׃ וְלִבָּם שָׂמוּ שָׁמִיר מִשְּׁמוֹעַ אֶת־הַתּוֹרָה
וְאֶת־הַדְּבָרִים אֲשֶׁר שָׁלַח יְהוָה צְבָאוֹת בְּרוּחוֹ בְּיַד
הַנְּבִיאִים הָרִאשֹׁנִים וַיְהִי קֶצֶף גָּדוֹל מֵאֵת יְהוָה צְבָאוֹת׃
13 וַיְהִי כַאֲשֶׁר־קָרָא וְלֹא שָׁמֵעוּ כֵּן יִקְרְאוּ וְלֹא אֶשְׁמָע אָמַר
14 יְהוָה צְבָאוֹת׃ וְאֵסָעֲרֵם עַל כָּל־הַגּוֹיִם אֲשֶׁר לֹא־יְדָעוּם
וְהָאָרֶץ נָשַׁמָּה אַחֲרֵיהֶם מֵעֹבֵר וּמִשָּׁב וַיָּשִׂימוּ אֶרֶץ־
חֶמְדָּה לְשַׁמָּה׃

ח ח

2 א וַיְהִי דְּבַר־יְהוָה צְבָאוֹת לֵאמֹר׃ כֹּה אָמַר יְהוָה צְבָאוֹת
קִנֵּאתִי לְצִיּוֹן קִנְאָה גְדוֹלָה וְחֵמָה גְדוֹלָה קִנֵּאתִי לָהּ׃
3 כֹּה אָמַר יְהוָה שַׁבְתִּי אֶל־צִיּוֹן וְשָׁכַנְתִּי בְּתוֹךְ יְרוּשָׁלִָם
וְנִקְרְאָה יְרוּשָׁלִַם עִיר־הָאֱמֶת וְהַר־יְהוָה צְבָאוֹת הַר
4 הַקֹּדֶשׁ׃ כֹּה אָמַר יְהוָה צְבָאוֹת עֹד יֵשְׁבוּ זְקֵנִים
וּזְקֵנוֹת בִּרְחֹבוֹת יְרוּשָׁלִָם וְאִישׁ מִשְׁעַנְתּוֹ בְּיָדוֹ מֵרֹב יָמִים׃

3 צוּ זָאגֶען צוּ דִיא כֹּהֲנִים וָואס זֶענֶען
אִין דֶעם הויז פוּן דֶעם הַאר צְבָאוֹת אוּנְד
צוּ דִיא נְבִיאִים אַזוֹי צוּ זָאגֶען, זָאל אִיךְ
וויינֶען אִין דֶעם פִינְפְטֶען חֹדֶשׁ, אוּנְד מִיךְ
אָפְּשֵׁיידֶען אַזוֹי וִויא אִיךְ הָאבּ עֶס גֶעטְהוּן
דִיזֶע פִילֶע יָאהְרֶען? 4 אוּנְד דָאס וָוארְט
פוּן דֶעם הַאר צְבָאוֹת אִיז צוּ מִיר גֶעוֶועזֶען אַזוֹי צוּ זָאגֶען: 5 זָאג צוּ דֶעם גַאנְצֶען
פָאלְק פוּן דֶעם לַאנְד, אוּנְד צוּ דִיא
כֹּהֲנִים, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, וֶוען אִיהְר הָאט
גֶעפַאסְט אוּנְד גֶעקְלָאגְט אִים פִינְפְטֶען
אוּנְד אִים זִיבֶּעטֶען חֹדֶשׁ, דִיא דָאזִיגֶע
זִיבֶּעצִיג יָאהְר, הָאט אִיהְר דֶען גֶעפַאסְט
צוּ מִיר? 6 אוּנְד וֶוען אִיהְר הָאט גֶעגֶעסֶען אוּנְד וֶוען אִיהְר הָאט גֶעטְרוּנְקֶען,
הָאט אִיהְר דֶען נִיט גֶעגֶעסֶען פַאר אֵייךְ
זֶעלְבְּסְט אוּנְד גֶעטְרוּנְקֶען פַאר אֵייךְ
זֶעלְבְּסְט? 7 זֶענֶען דָאס דֶען נִיט דִיא
זֶעלְבִּיגֶע ווערְטֶער וָואס גָאט הָאט גֶעלָאזְט אוֹיסְרוּפֶען דוּרְךְ דִיא עֶרְשְׁטֶע
נְבִיאִים, וֶוען יְרוּשָׁלַיִם אִיז נָאךְ בֶּעווֹאוֹינְט
גֶעוֶועזֶען בְּשַׁלְוָה, אוּנְד אוֹיךְ דִיא שְׁטֶעט
אַרוּם אִיהְר, אַן דֶער דָרוֹם־זַייט, אוּנְד דִיא
וָואס הָאבֶּען בֶּעווֹאוֹינְט דָאס תְּהָאל?
8 אוּנְד דָאס וָוארְט פוּן דֶעם הַאר אִיז
גֶעוֶועזֶען צוּ זְכַרְיָה, אַזוֹי צוּ זָאגֶען: 9 אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר צְבָאוֹת, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, רִיכְטֶעט אַיין אֶמֶת מִשְׁפָּט, אוּנְד טְהוּט חֶסֶד אוּנְד בַּארְמְהֶערְצִיגְקֵייט אֵיינֶער צוּ דֶעם אַנְדֶערְן: 10 אוּנְד זָאלְט אִיהְר נִיט אוּנְטֶערְדְרִיקֶען דִיא אַלְמָנָה אוּנְד דֶעם יָתוֹם, דֶעם גֵר אוּנְד דֶעם אָרֶעמֶען, אוּנְד טְרַאכְטֶעט קֵיין שְׁלֶעכְטֶעס אִין אֵייעֶר הַארְץ אֵיינֶער צוּ דֶעם אַנְדֶערְן: 11 אָבֶּער זַייא הָאבֶּען עֶס נִיט גֶעוָואלְט פֶערְנֶעמֶען, אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶעגֶעבֶּען אַ ווִידֶערְשְׁפֶּענִיגֶע אַקְסֶעל, אוּנְד זַייא הָאבֶּען שְׁוֶוער גֶעמַאכְט זַיירֶע אוֹיעֶרֶען כְּדֵי זַייא זָאלֶען נִיט הֶערֶען: 12 אוּנְד זַייעֶר הַארְץ הָאבֶּען זַייא אַזוֹי הַארְט גֶעמַאכְט וִויא דֶער דִימַאנְט כְּדֵי זַייא זָאלֶען נִיט הֶערֶען דִיא תּוֹרָה, אוּנְד דִיא וֶוערְטֶער וָואס דֶער הַאר צְבָאוֹת הָאט גֶעשִׁיקְט אִין זַיין רוּחַ הַקוֹדֶשׁ דוּרְךְ דִיא עֶרְשְׁטֶע נְבִיאִים, דָארוּם אִיז גֶעוֶועזֶען דֶער גְרוֹיסֶער צָארְן פוּן דֶעם הַאר צְבָאוֹת: 13 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען דָאס ווייל וֶוען עֶר הָאט גֶערוּפֶען אוּנְד זַייא הָאבֶּען נִיט גֶעוָואלְט הֶערֶען, אַזוֹי וֶוען זַייא וֶועלֶען רוּפֶען וֶועל אִיךְ נִיט וֶועלֶען הֶערֶען, זָאגְט דֶער הַאר צְבָאוֹת: 14 נֵייעֶרְט אִיךְ הָאבּ זַייא צוּשְׁפְּרֵייט מִיט אַ שְׁטוּרְמְווִינְד אִיבֶּער אַלֶע פֶעלְקֶער וֶועלְכֶע זַייא הָאבֶּען נִיט גֶעקֶענְט, אוּנְד דָאס לַאנְד אִיז הִינְטֶער זַייא ווִיסְט גֶעוָוארֶען, אַזוֹי דָאס קֵיינֶער אִיז נִיט דוּרְכְגֶעגַאנְגֶען אוּנְד צוּרִיקְגֶעקוּמֶען, אוּנְד אַזוֹי הָאבֶּען זַייא דָאס גְלוּסְטִיגֶע לַאנְד ווִיסְט גֶעמַאכְט:

## קאפיטעל ח

1 אוּנְד דָאס וָוארְט פוּן דֶעם הַאר צְבָאוֹת אִיז גֶעוֶועזֶען, אַזוֹי צוּ זָאגֶען: 2 אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר צְבָאוֹת, אִיךְ הָאבּ מִיךְ מְקַנֵא גֶעוֶועזֶען וֶועגֶען צִיוֹן מִיט אַ גְרוֹיסֶע קִנְאָה, אוּנְד מִיט אַ גְרוֹיסֶען צָארְן הָאבּ אִיךְ מִיךְ וֶועגֶען אִיהְר מְקַנֵא גֶעוֶועזֶען: 3 אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר, אִיךְ וֶועל צוּרִיקְקֶעהְרֶען צוּ צִיוֹן, אוּנְד אִיךְ וֶועל וְואוֹינֶען אִין דֶער מִיטֶען פוּן יְרוּשָׁלַיִם, אוּנְד יְרוּשָׁלַיִם וֶועט גֶערוּפֶען וֶוערֶען דִיא שְׁטָאט פוּן אֶמֶת, אוּנְד דֶער בַּארְג פוּן דֶעם הַאר צְבָאוֹת, דֶער הֵיילִיגֶער בַּארְג: 4 אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר צְבָאוֹת, אַלְטֶע מֶענְעֶר אוּנְד אַלְטֶע ווַייבֶּער וֶועלֶען נָאךְ זִיצֶען אִין דִיא גַאסֶען פוּן יְרוּשָׁלַיִם, אוּנְד אִיטְלִיכֶער מִיט זַיין שְׁטֶעקֶען אִין זַיינֶע הַאנְד פוּן וֶועגֶען פִילֶע טֶעג (אַלְטֶער):

ה וּרְחֹבוֹת הָעִיר יִמָּלְאוּ יְלָדִים וִילָדוֹת מְשַׂחֲקִים בִּרְחֹבֹתֶיהָ׃
6 כֹּה אָמַר יְהוָה צְבָאוֹת כִּי יִפָּלֵא בְּעֵינֵי שְׁאֵרִית
הָעָם הַזֶּה בַּיָּמִים הָהֵם גַּם־בְּעֵינַי יִפָּלֵא נְאֻם יְהוָה צְבָאוֹת׃
7 כֹּה אָמַר יְהוָה צְבָאוֹת הִנְנִי מוֹשִׁיעַ אֶת־עַמִּי מֵאֶרֶץ
8 מִזְרָח וּמֵאֶרֶץ מְבוֹא הַשָּׁמֶשׁ׃ וְהֵבֵאתִי אֹתָם וְשָׁכְנוּ בְּתוֹךְ
יְרוּשָׁלָ‍ִם וְהָיוּ־לִי לְעָם וַאֲנִי אֶהְיֶה לָהֶם לֵאלֹהִים בֶּאֱמֶת
9 וּבִצְדָקָה׃ כֹּה־אָמַר יְהוָה צְבָאוֹת תֶּחֱזַקְנָה יְדֵיכֶם
הַשֹּׁמְעִים בַּיָּמִים הָאֵלֶּה אֵת הַדְּבָרִים הָאֵלֶּה מִפִּי הַנְּבִיאִים
י אֲשֶׁר בְּיוֹם יֻסַּד בֵּית־יְהוָה צְבָאוֹת הַהֵיכָל לְהִבָּנוֹת׃ כִּי
לִפְנֵי הַיָּמִים הָהֵם שְׂכַר הָאָדָם לֹא נִהְיָה וּשְׂכַר הַבְּהֵמָה
אֵינֶנָּה וְלַיּוֹצֵא וְלַבָּא אֵין־שָׁלוֹם מִן־הַצָּר וַאֲשַׁלַּח אֶת־כָּל־
11 הָאָדָם אִישׁ בְּרֵעֵהוּ׃ וְעַתָּה לֹא כַיָּמִים הָרִאשֹׁנִים אֲנִי
12 לִשְׁאֵרִית הָעָם הַזֶּה נְאֻם יְהוָה צְבָאוֹת׃ כִּי־זֶרַע הַשָּׁלוֹם
הַגֶּפֶן תִּתֵּן פִּרְיָהּ וְהָאָרֶץ תִּתֵּן אֶת־יְבוּלָהּ וְהַשָּׁמַיִם יִתְּנוּ
טַלָּם וְהִנְחַלְתִּי אֶת־שְׁאֵרִית הָעָם הַזֶּה אֶת־כָּל־אֵלֶּה׃
13 וְהָיָה כַּאֲשֶׁר הֱיִיתֶם קְלָלָה בַּגּוֹיִם בֵּית יְהוּדָה וּבֵית
יִשְׂרָאֵל כֵּן אוֹשִׁיעַ אֶתְכֶם וִהְיִיתֶם בְּרָכָה אַל־תִּירָאוּ
14 תֶּחֱזַקְנָה יְדֵיכֶם׃ כִּי כֹה אָמַר יְהוָה צְבָאוֹת כַּאֲשֶׁר
זָמַמְתִּי לְהָרַע לָכֶם בְּהַקְצִיף אֲבֹתֵיכֶם אֹתִי אָמַר יְהוָה
טו צְבָאוֹת וְלֹא נִחָמְתִּי׃ כֵּן שַׁבְתִּי זָמַמְתִּי בַּיָּמִים הָאֵלֶּה
16 לְהֵיטִיב אֶת־יְרוּשָׁלַ‍ִם וְאֶת־בֵּית יְהוּדָה אַל־תִּירָאוּ׃ אֵלֶּה
הַדְּבָרִים אֲשֶׁר תַּעֲשׂוּ דַּבְּרוּ אֱמֶת אִישׁ אֶת־רֵעֵהוּ אֱמֶת
17 וּמִשְׁפַּט שָׁלוֹם שִׁפְטוּ בְּשַׁעֲרֵיכֶם׃ וְאִישׁ אֶת־רָעַת רֵעֵהוּ
אַל־תַּחְשְׁבוּ בִּלְבַבְכֶם וּשְׁבֻעַת שֶׁקֶר אַל־תֶּאֱהָבוּ כִּי אֶת־
18 כָּל־אֵלֶּה אֲשֶׁר שָׂנֵאתִי נְאֻם־יְהוָה׃ וַיְהִי דְּבַר־יְהוָה
19 צְבָאוֹת אֵלַי לֵאמֹר׃ כֹּה־אָמַר יְהוָה צְבָאוֹת צוֹם הָרְבִיעִי
וְצוֹם הַחֲמִישִׁי וְצוֹם הַשְּׁבִיעִי וְצוֹם הָעֲשִׂירִי יִהְיֶה לְבֵית־
יְהוּדָה לְשָׂשׂוֹן וּלְשִׂמְחָה וּלְמֹעֲדִים טוֹבִים וְהָאֱמֶת וְהַשָּׁלוֹם

5 אונד דיא גאסען װעלען זיין פול מיט יונגען אונד מעדען װאס װעלען שפּילען אין איהרע גאסען׃ 6 אזוי זאגט דער האר צבאות, װען עס װעט זיין א װאונדער אין דיא אויגען פון דעם דאזיגען איבערגעבליבענעם פאלק אין דיזעלביגע טעג, אזוי װעט עס אויך זיין א װאונדער אין מיינע אויגען, זאגט דער האר צבאות׃ 7 אזוי זאגט דער האר צבאות, זעה, איך װעל מיין פאלק העלפען אויס דעם לאנד פון מזרח־זייט, אונד אויס דעם לאנד פון מערב־זייט׃ 8 אונד איך װעל זייא אהיים ברענגען, אונד זייא װעלען װאוינען אין דער מיטען פון ירושלים, אונד זייא װעלען זיין מיין פאלק, אונד איך װעל זיין זייער גאט אין אמת אונד אין גערעכטיגקייט׃ 9 אזוי זאגט דער האר צבאות, לאזען איירע הענד געשטארקט װערען, איהר װאס הערט אין דיזע טעג דיא דאזיגע װערטער פון דעם מויל פון דיא נביאים, װאס זענען געװעזען אין דעם טאג װען דער גרונד איז געלעגט געװארען פון דעם הויז פון דעם האר צבאות כדי דאס בית המקדש זאל געבויעט װערען׃ 10 װארין פאר יענע טעג איז ניט געװעזען קיין שכר פאר דיא מענשען, אונד אויך קיין שכר פאר בהמות, אונד עס איז אויך ניט געװעזען קיין שלום צו דעם װאס איז ארויסגעגאנגען אונד אריינגעקומען, פון װעגען דעם פיינד, װארין איך האב אנגערייצט איטליכען מענש קעגען זיין חבר׃ 11 אבער אצונד, װעל איך ניט זיין צו דעם דאזיגען פאלק װאס איז איבערגעבליבען, אזוי װיא אין דיא פארצייטיגע טעג, זאגט דער האר צבאות׃ 12 װארין דער זאמען װעט זיין פון שלום, דער װיינשטאק װעט געבען זיינע פירות אונד דאס לאנד װעט געבען איהר געװעקס, אונד דיא הימעל װעלען געבען איהר טויא, אונד איך װעל מאכען אז דאס דאזיגע איבערגעבליבענע פאלק זאל ירשנ׳ן דאס אלעס׃ 13 אונד עס װעט זיין דאס אזוי װיא איהר זענט געװעזען א קללה צװישען דיא גוים, א איהר הויזגעזינד פון יהודה אונד הויזגעזינד פון ישראל, אזוי װעל איך אייך העלפען, אונד איהר װעט זיין א ברכה. האט ניט קיין מורא, נייערט לאזען איירע הענד געשטארקט װערען׃ 14 װארין אזוי זאגט דער האר צבאות, אזוי װיא איך האב געטראכט שלעכטעס איבער אייך װייל איירע אבות האבען מיך דערצארנט, זאגט דער האר צבאות, אונד איך האב קיין חרטה ניט געהאט׃ 15 אזוי האב איך מיך אומגעקעהרט אונד איך האב געטראכט אין דיא דאזיגע טעג גוטעס צו טהון צו ירושלים אונד צו דעם הויזגעזינד פון יהודה. האט ניט קיין מורא׃ 16 דאס זענען דיא זאכען װאס איהר זאלט טהון, רעדט אמת איינער צו דעם אנדערן, אונד משפט אמת אונד שלום אין איירע טויערן׃ 17 אונד טראכט קיין שלעכטעס איינער צו דעם אנדערן אין אייער הארץ, אונד איהר זאלט ניט ליבען פאלש צו שװערען, װארין דאס אלעס האב איך פיינד, זאגט דער האר׃ 18 אונד דאס װארט פון דעם האר צבאות איז צו מיר געװעזען, אזוי צו זאגען׃ 19 אזוי זאגט דער האר צבאות, דער פאסט־טאג פון דעם פיערטען חודש (תמוז), אונד דער פאסט־טאג פון דעם פינפטען חודש (אב) אונד דער פאסט־טאג פון דעם זיבעטען חודש (תשרי), אונד דער פאסט־טאג פון דעם צעהנטען חודש (טבת), װעלען זיין צו דעם הויזגעזינד פון יהודה צו פרייד אונד שמחה, אונד צו ימים טובים, דאריבער ליבט נאר דעם אמת אונד שלום׃

כ אֹהֵבוּ: כֹּה אָמַר יְהוָה צְבָאוֹת עֹד אֲשֶׁר יָבֹאוּ עַמִּים
21 וְיֹשְׁבֵי עָרִים רַבּוֹת: וְהָלְכוּ יוֹשְׁבֵי אַחַת אֶל־אַחַת לֵאמֹר
נֵלְכָה הָלוֹךְ לְחַלּוֹת אֶת־פְּנֵי יְהוָה וּלְבַקֵּשׁ אֶת־יְהוָה צְבָאוֹת
22 אֵלְכָה גַּם־אָנִי: וּבָאוּ עַמִּים רַבִּים וְגוֹיִם עֲצוּמִים לְבַקֵּשׁ
אֶת־יְהוָה צְבָאוֹת בִּירוּשָׁלָםִ וּלְחַלּוֹת אֶת־פְּנֵי יְהוָה:
23 כֹּה־אָמַר יְהוָה צְבָאוֹת בַּיָּמִים הָהֵמָּה אֲשֶׁר יַחֲזִיקוּ עֲשָׂרָה
אֲנָשִׁים מִכֹּל לְשֹׁנוֹת הַגּוֹיִם וְהֶחֱזִיקוּ בִּכְנַף אִישׁ יְהוּדִי
לֵאמֹר נֵלְכָה עִמָּכֶם כִּי שָׁמַעְנוּ אֱלֹהִים עִמָּכֶם:

## ט ט

א מַשָּׂא דְבַר־יְהוָה בְּאֶרֶץ חַדְרָךְ וְדַמֶּשֶׂק מְנֻחָתוֹ כִּי לַיהוָה
2 עֵין אָדָם וְכֹל שִׁבְטֵי יִשְׂרָאֵל: וְגַם־חֲמָת תִּגְבָּל־בָּהּ צֹר
3 וְצִידוֹן כִּי חָכְמָה מְאֹד: וַתִּבֶן צֹר מָצוֹר לָהּ וַתִּצְבָּר־כֶּסֶף
4 כֶּעָפָר וְחָרוּץ כְּטִיט חוּצוֹת: הִנֵּה אֲדֹנָי יוֹרִשֶׁנָּה וְהִכָּה
ה בַיָּם חֵילָהּ וְהִיא בָּאֵשׁ תֵּאָכֵל: תֵּרֶא אַשְׁקְלוֹן וְתִירָא וְעַזָּה
וְתָחִיל מְאֹד וְעֶקְרוֹן כִּי־הוֹבִישׁ מֶבָּטָהּ וְאָבַד מֶלֶךְ מֵעַזָּה
6 וְאַשְׁקְלוֹן לֹא תֵשֵׁב: וְיָשַׁב מַמְזֵר בְּאַשְׁדּוֹד וְהִכְרַתִּי גְּאוֹן
7 פְּלִשְׁתִּים: וַהֲסִרֹתִי דָמָיו מִפִּיו וְשִׁקֻּצָיו מִבֵּין שִׁנָּיו וְנִשְׁאַר
גַּם־הוּא לֵאלֹהֵינוּ וְהָיָה כְּאַלֻּף בִּיהוּדָה וְעֶקְרוֹן כִּיבוּסִי:
8 וְחָנִיתִי לְבֵיתִי מִצָּבָה מֵעֹבֵר וּמִשָּׁב וְלֹא־יַעֲבֹר עֲלֵיהֶם עוֹד
9 נֹגֵשׂ כִּי עַתָּה רָאִיתִי בְעֵינָי: גִּילִי מְאֹד בַּת־צִיּוֹן
הָרִיעִי בַּת־יְרוּשָׁלַםִ הִנֵּה מַלְכֵּךְ יָבוֹא לָךְ צַדִּיק וְנוֹשָׁע
י הוּא עָנִי וְרֹכֵב עַל־חֲמוֹר וְעַל־עַיִר בֶּן־אֲתֹנוֹת: וְהִכְרַתִּי־
רֶכֶב מֵאֶפְרַיִם וְסוּס מִירוּשָׁלַםִ וְנִכְרְתָה קֶשֶׁת מִלְחָמָה
וְדִבֶּר שָׁלוֹם לַגּוֹיִם וּמָשְׁלוֹ מִיָּם עַד־יָם וּמִנָּהָר עַד־אַפְסֵי־
11 אָרֶץ: גַּם־אַתְּ בְּדַם־בְּרִיתֵךְ שִׁלַּחְתִּי אֲסִירַיִךְ מִבּוֹר אֵין
12 מַיִם בּוֹ: שׁוּבוּ לְבִצָּרוֹן אֲסִירֵי הַתִּקְוָה גַּם־הַיּוֹם מַגִּיד
13 מִשְׁנֶה אָשִׁיב לָךְ: כִּי־דָרַכְתִּי לִי יְהוּדָה קֶשֶׁת מִלֵּאתִי

20 אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר צְבָאוֹת, עֶס װעט נָאךְ זַיין אַ צַייט דָאס עֶס װעלֶען קוּמֶען פֶעלְקֶער אוּנְד דִיא װָאס װְאוֹינֶען אִין פִילֶע שְׁטֶעט: 21 אוּנְד דִיא בֶּעװְאוֹינֶער פוּן אֵיינֶע שְׁטָאט װעלֶען גֶעהְן אֵיינֶע צוּ דִיא אַנְדֶערֶע, אוּנְד זַייא װעלֶען זָאגֶען, קוּמְט לָאמֶער גֶעהְן אָנְצוּבֶּעטֶען דָאס פָּנִים פוּן דֶעם הַאר אוּנְד צוּ זוּכֶען דֶעם הַאר צְבָאוֹת, אִיךְ װעל אוֹיךְ גֶעהְן: 22 אוּנְד עֶס װעלֶען אָנְקוּמֶען פִילֶע אוּנְד שְׁטַארְקֶע פֶעלְקֶער צוּ זוּכֶען דֶעם הַאר צְבָאוֹת אִין יְרוּשָׁלַיִם אוּנְד אָנְצוּבֶּעטֶען דָאס פָּנִים פוּן דֶעם הַאר: 23 װָארִין אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר צְבָאוֹת, אִין דִיזֶעלְבִּיגֶע טֶעג װעלֶען אָנְנֶעמֶען צֶעהְן מֶענֶער פוּן אַלֶע לְשׁוֹנוֹת פוּן דִיא פֶעלְקֶער, יוֹא, זַייא װעלֶען אָנְנֶעמֶען אַן דֶעם קְלֵייד פוּן אַ יְהוּדִי, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, מִיר װעלֶען מִיט אֵייךְ גֶעהְן, װָארִין מִיר הָאבֶּען גֶעהֶערְט אַז גָאט אִיז מִיט אֵייךְ:

## קאפיטעל ט

1 דָאס אִיז דִיא מַשָּׂא (נְבוּאָה) פוּן דֶעם װָארְט פוּן דֶעם הַאר אִין דֶעם לַאנְד חַדְרָךְ, אוּנְד דַמֶשֶׂק װעט זַיין זַיינֶע רוּהוּנְג; װען דִיא אוֹיגֶען פוּן דִיא מֶענְשֶׁען װעלֶען זִיךְ קֶעהְרֶען צוּ דֶעם הַאר, אוּנְד אוֹיךְ אַלֶע שְׁבָטִים פוּן יִשְׂרָאֵל: 2 אוּנְד װען חֲמָת װעט זִיךְ אוֹיךְ גְרֶענְעצֶען אִין אִיהְר, צֹר אוּנְד צִידוֹן, חָאטְשֶׁע זַייא זֶענֶען זֶעהְר קְלוּג: 3 אוּנְד צֹר װעט זִיךְ בּוֹיעֶן אַ פֶעסְטוּנְג אוּנְד זִיא װעט זִיךְ אָנְזַאמְלֶען זִילְבֶּער אַזוֹי װִיא אַשׁ, אוּנְד פֵיין גָאלְד אַזוֹי װִיא לֶעהְם אוֹיף דֶער גָאס: 4 זֶעה, דֶער הַאר װעט זִיא פֶערְטְרַייבֶּען, אוּנְד עֶר װעט אִיהְרֶע מַאכְט שְׁלָאגֶען אִין דֶעם יַם אַרַיין, אוּנְד זִיא װעט פֶערְבְּרֶענְט װערֶען אִין דֶעם פַייעֶר: 5 אַשְׁקְלוֹן װעט עֶס זֶעהֶען אוּנְד װעט מוֹרָא הָאבֶּען, אוּנְד אוֹיךְ עַזָּה, אוּנְד זִיא װעט זֶעהְר צִיטֶערְן, אוּנְד עֶקְרוֹן װעט פֶערְשֶׁעמְט װערֶען װעגֶען אִיהְר אוֹיסְקוּקֶען, אוּנְד דֶער מֶלֶךְ װעט פֶערְטִילְגְט װערֶען פוּן עַזָּה, אוּנְד אַשְׁקְלוֹן זָאל נִיט בֶּעװְאוֹינְט װערֶען: 6 אָבֶּער אַ מַמְזֵר װעט װְאוֹינֶען אִין אַשְׁדוֹד, אוּנְד אִיךְ װעל פֶערְשְׁנֵיידֶען דִיא שְׁטָאלְצְהֵייט פוּן דִיא פְּלִשְׁתִּים: 7 אוּנְד אִיךְ װעל אָפְּטְהוּן זַיין בְּלוּט אוּיס זַיין מוֹיל, אוּנְד זַיינֶע אוּמְװערְדִיגְקַייט פוּן צְװִישֶׁען זַיינֶע צֵיין, אוּנְד עֶר װעט אוֹיךְ אִיבֶּערְבְּלֵייבֶּען צוּ אוּנְזֶער גָאט, אוּנְד עֶר װעט זַיין אַזוֹי װִיא אַ גֶעװעלְטִיגֶער אִין יְהוּדָה, אוּנְד עֶקְרוֹן װעט זַיין אַזוֹי װִיא יְבוּסִי: 8 אוּנְד אִיךְ װעל מִיךְ לַאגֶערְן אַרוּם מֵיין הוֹיז װעגֶען דֶעם חַיִל, װָאס װעלֶען אַהִין אוּנְד צוּרִיק דוּרְכְגֶעהְן, כְּדֵי עֶס זָאלֶען נִיט מֶעהְר דוּרְכְגֶעהְן קֵיינֶע בֶּעצְװִינְגֶער, װָארִין אִיךְ הָאבּ עֶס אַצוּנְד גֶעזֶעהֶען מִיט מֵיינֶע אֵייגֶענֶע אוֹיגֶען: 9 פְרֵייעֶ דִיךְ זֶעהְר, דוּא טָאכְטֶער צִיוֹן, שְׁרֵייא אוּיס דוּא טָאכְטֶער יְרוּשָׁלַיִם, זֶעה דֵיין קֶענִיג קוּמְט צוּ דִיר, עֶר אִיז גֶערֶעכְט, אוּנְד עֶר הָאט הִילְפֶע, עֶר אִיז אָרֶעם אוּנְד רֵייט אוֹיף אֵיין עֶזֶעל, אוּנְד אוֹיף אַ יוּנְגֶען עֶזֶעל: 10 אוּנְד אִיךְ װעל פֶערְשְׁנֵיידֶען דִיא רֵייטְװעגֶען פוּן אֶפְרַיִם, אוּנְד דִיא פֶערְד פוּן יְרוּשָׁלַיִם, אוּנְד דֶער מִלְחָמָה־בּוֹיגֶען װעט פֶערְשְׁנִיטֶען װערֶען, אוּנְד עֶר װעט רֶעדֶען שָׁלוֹם צוּ דִיא גוֹיִם, אוּנְד עֶר װעט גֶעװעלְטִיגֶען פוּן יַם צוּ יַם, אוּנְד פוּן דֶעם טֵייךְ בִּיז צוּ דֶעם עֶנְד פוּן דֶער עֶרְד: 11 אוּנְד אוֹיךְ דוּא, װעגֶען דֶעם בְּלוּט פוּן דַיין בּוּנְד הָאבּ אִיךְ פְרֵייא אַװעקְגֶעשִׁיקְט דֵיינֶע גֶעבּוּנְדֶענֶע פוּן דֶער גְרוּבּ װְאוּ עֶס אִיז קֵיין װַאסֶער: 12 קֶעהְרְט אֵייךְ אוּם צוּ אֵיירֶע פֶעסְטוּנְג אִיהְר גֶעבּוּנְדֶענֶע אִין דֶער הָאפֶענוּנְג! יוֹא, אַפִילוּ הֵיינְט זָאג אִיךְ אָן אַז אִיךְ װעל דִיר טָאפֶּעלְט צוּרִיקְקֶעהְרֶען: 13 װָארִין אִיךְ הָאבּ מִיר אוּיסְגֶעשְׁפַּאנְט יְהוּדָה אַלְס אַ בּוֹיגֶען,

אוּנְד אִיךְ וֶועל אֶפְרַיִם דֶערְפִילֶען (מִיט פַייְ־
לֶען) אוּנְד אִיךְ וֶועל דֶערוֶועקֶען דֵיינֶע קִינְ־
דֶער, אָ צִיוֹן, אִיבֶּער דִיא קִינְדֶער פוּן יָוָן,
אוּנְד אִיךְ וֶועל דִיךְ מַאכֶען וִויא אַ שְׁוֶוערְד
פוּן אַ גִבּוֹר: 14 אוּנְד דֶער הַאר וֶועט אִיבֶּער
זֵייא גֶעזֶעהֶען וֶוערֶען, אוּנְד זֵיינֶע פֵייל וֶועט
אַרוֹיסְגֶעהְן אַזוֹי וִויא אַ בְּלִיץ, אוּנְד דֶער
הַאר גָאט וֶועט בְּלָאזֶען מִיט דֶעם שׁוֹפָר,
אוּנְד עֶר וֶועט גֶעהְן מִיט דֶעם שְׁטוּרְם פוּן
דָרוֹם־זֵייט: 15 דֶער הַאר צְבָאוֹת וֶועט זֵייא
בֶּעשִׁיצֶען, אוּנְד זֵייא וֶועלֶען זֵייא פֶערְצֶעהְ־
רֶען, אוּנְד בֶּעצְוִוינְגֶען אַזוֹי וִויא שְׁלֵיידֶער
שְׁטֵיינֶער, אוּנְד זֵייא וֶועלֶען טְרִינְקֶען, אוּנְד
וֶועלֶען לַארְמֶען אַזוֹי וִויא דוּרְךְ וֵויין, אוּנְד
זֵייא וֶועלֶען אָנְגֶעפִילְט זֵיין אַזוֹי וִויא אַ
שְׁפְּרִינְג־בֶּעקֶען (מִיט בְּלוּט) אִין דֶעם וִוינְ־
קֶעל פוּן דֶעם מִזְבֵּחַ: 16 אוּנְד דֶער הַאר
זֵייעֶר גָאט וֶועט זֵייא הֶעלְפֶען אִין דֶעמְ־
זֶעלְבִּיגֶען טָאג, אַזוֹי וִויא דִיא שָׁאף פוּן זֵיין
פָאלְק, וָוארִין זֵייא זֶענֶען (אַזוֹי וִויא) דִיא
שְׁטֵיינֶער פוּן דִיא קְרוֹין וָואס גְלַאנְצֶען
אִיבֶּער זֵיין לַאנְד: 17 וָוארִין, וִויא גְרוֹיס
אִיז זֵיינֶע גוּטְקֵייט, אוּנְד וִויא גְרוֹיס אִיז
זֵיינֶע שֶׁעהְנְהֵייט! קָארְן וֶועט זֵיינֶע יוּנְגֶע
לֵייט (כֹּחַ גֶעבֶּען) אוּנְד נֵייעֶר וֵויין דִיא יוּנְגְפְרוֹיעֶן:

אֶפְרַיִם וְעוֹרַרְתִּי בָנַיִךְ צִיּוֹן עַל־בָּנַיִךְ יָוָן וְשַׂמְתִּיךְ כְּחֶרֶב
גִּבּוֹר: וַיהוָה עֲלֵיהֶם יֵרָאֶה וְיָצָא כַבָּרָק חִצּוֹ וַאדֹנָי יֱהוִה 14
בַּשּׁוֹפָר יִתְקָע וְהָלַךְ בְּסַעֲרוֹת תֵּימָן: יְהוָה צְבָאוֹת יָגֵן טו
עֲלֵיהֶם וְאָכְלוּ וְכָבְשׁוּ אַבְנֵי־קֶלַע וְשָׁתוּ הָמוּ כְּמוֹ־יָיִן
וּמָלְאוּ כַּמִּזְרָק כְּזָוִיּוֹת מִזְבֵּחַ: וְהוֹשִׁיעָם יְהוָה אֱלֹהֵיהֶם 16
בַּיּוֹם הַהוּא כְּצֹאן עַמּוֹ כִּי אַבְנֵי־נֵזֶר מִתְנוֹסְסוֹת עַל־
אַדְמָתוֹ: כִּי מַה־טּוּבוֹ וּמַה־יָּפְיוֹ דָּגָן בַּחוּרִים וְתִירוֹשׁ 17
יְנוֹבֵב בְּתֻלוֹת:

י

שַׁאֲלוּ מֵיְהוָה מָטָר בְּעֵת מַלְקוֹשׁ יְהוָה עֹשֶׂה חֲזִיזִים א
וּמְטַר־גֶּשֶׁם יִתֵּן לָהֶם לְאִישׁ עֵשֶׂב בַּשָּׂדֶה: כִּי הַתְּרָפִים 2
דִּבְּרוּ־אָוֶן וְהַקּוֹסְמִים חָזוּ שֶׁקֶר וַחֲלֹמוֹת הַשָּׁוְא יְדַבֵּרוּ
הֶבֶל יְנַחֵמוּן עַל־כֵּן נָסְעוּ כְמוֹ־צֹאן יַעֲנוּ כִּי־אֵין רֹעֶה:
עַל־הָרֹעִים חָרָה אַפִּי וְעַל־הָעַתּוּדִים אֶפְקוֹד כִּי־פָקַד יְהוָה 3
צְבָאוֹת אֶת־עֶדְרוֹ אֶת־בֵּית יְהוּדָה וְשָׂם אוֹתָם כְּסוּס הוֹדוֹ
בַּמִּלְחָמָה: מִמֶּנּוּ פִנָּה מִמֶּנּוּ יָתֵד מִמֶּנּוּ קֶשֶׁת מִלְחָמָה 4
מִמֶּנּוּ יֵצֵא כָל־נוֹגֵשׂ יַחְדָּו: וְהָיוּ כְגִבֹּרִים בּוֹסִים בְּטִיט ה
חוּצוֹת בַּמִּלְחָמָה וְנִלְחֲמוּ כִּי יְהוָה עִמָּם וְהֹבִישׁוּ רֹכְבֵי
סוּסִים: וְגִבַּרְתִּי ׀ אֶת־בֵּית יְהוּדָה וְאֶת־בֵּית יוֹסֵף אוֹשִׁיעַ 6
וְהוֹשְׁבוֹתִים כִּי רִחַמְתִּים וְהָיוּ כַּאֲשֶׁר לֹא־זְנַחְתִּים כִּי
אֲנִי יְהוָה אֱלֹהֵיהֶם וְאֶעֱנֵם: וְהָיוּ כְגִבּוֹר אֶפְרַיִם וְשָׂמַח 7
לִבָּם כְּמוֹ־יָיִן וּבְנֵיהֶם יִרְאוּ וְשָׂמֵחוּ יָגֵל לִבָּם בַּיהוָה:
אֶשְׁרְקָה לָהֶם וַאֲקַבְּצֵם כִּי פְדִיתִים וְרָבוּ כְּמוֹ רָבוּ: 8
וְאֶזְרָעֵם בָּעַמִּים וּבַמֶּרְחַקִּים יִזְכְּרוּנִי וְחָיוּ אֶת־בְּנֵיהֶם 9
וָשָׁבוּ: וַהֲשֵׁבוֹתִים מֵאֶרֶץ מִצְרַיִם וּמֵאַשּׁוּר אֲקַבְּצֵם וְאֶל־ י
אֶרֶץ גִּלְעָד וּלְבָנוֹן אֲבִיאֵם וְלֹא יִמָּצֵא לָהֶם: וְעָבַר בַּיָּם 11
צָרָה וְהִכָּה בַיָּם גַּלִּים וְהֹבִישׁוּ כֹּל מְצוּלוֹת יְאֹר וְהוּרַד

קאפיטעל י

1 בֶּעט רֶעגֶען פוּן דֶעם הַאר, אִין דֶער צֵייט פוּן דֶעם שְׁפֶּעטְרֶעגֶען, וָוארִין דֶער הַאר וֶועט
מַאכֶען דִיא רֶעגֶען וָואלְקֶען, אוּנְד עֶר וֶועט צוּ זֵייא גֶעבֶּען אַן אוֹיסְגֶעגָאסֶענֶעם רֶעגֶען, צוּ
אִיטְלִיכֶען גְרָאז פוּן דֶעם פֶעלְד: 2 וָוארִין דִיא גֶעצֶען (תְּרָפִים) הָאבֶּען גֶערֶעט נַארִישְׁקֵייט,
אוּנְד דִיא כִּישׁוּף מַאכֶערְס הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען לִיגֶען, אוּנְד זֵייא רֶעדֶען פַאלְשֶׁע חֲלוֹמוֹת, אוּנְד
מִיט נַארִישְׁקֵייט טְרֵייסְטֶען זֵייא, דָארִיבֶּער זֶענֶען זֵייא אַוֶועקְגֶעצוֹיגֶען אַזוֹי וִויא שָׁאף, זֵייא
זֶענֶען אוּנְטֶערְטֶענִיג גֶעוָוארֶען וֵוייל זֵייא הָאבֶּען קֵיין פַּאסְטוּךְ: 3 אִיבֶּער דִיא פַּאסְטוּכֶער
הָאט זִיךְ מֵיין צָארְן דֶערְגְרִימְט, אוּנְד אִיךְ הָאבּ בֶּעשְׁטְרָאפְט דִיא בֶּעק, וָוארִין דֶער הַאר
צְבָאוֹת הָאט גֶעדֶענְקְט אַן זֵיינֶע סְטַאדֶע, דָאס הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן יְהוּדָה, אוּנְד עֶר הָאט זֵייא
גֶעמַאכְט אַזוֹי וִויא אַ שֶׁעהְנֶעם פֶערְד אִין דֶער מִלְחָמָה: 4 פוּן אִיהְם אִיז אַרוֹיסְגֶעקוּמֶען
דֶער וִוינְקֶעל־(שְׁטֵיין), פוּן אִיהְם דֶער נָאגֶעל, פוּן אִיהְם אִיז דֶער בּוֹיגֶען פוּן דֶער מִלְחָמָה,
אוּנְד פוּן אִיהְם וֶועט אַרוֹיסְגֶעהְן אִיטְלִיכֶער בֶּעצְוִוינְגֶער צוּזַאמֶען: 5 אוּנְד זֵייא וֶועלֶען זֵיין
אַזוֹי וִויא דִיא גִבּוֹרִים וָואס טְרֶעטֶען זֵייעֶרֶע פֵיינְד אִין דֶער מִלְחָמָה אַזוֹי וִויא דֶער לֶעהְם אִין
דִיא גַאס, וָוארִין דֶער הַאר וֶועט מִיט זֵייא מִלְחָמָה הַאלְטֶען, אוּנְד דִיא וָואס רֵייטֶען אוֹיף
פֶערְד וֶועלֶען זִיךְ שֶׁעהְמֶען: 6 אוּנְד אִיךְ וֶועל שְׁטַארְקֶען דָאס הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן יְהוּדָה, אוּנְד
אִיךְ וֶועל הֶעלְפֶען דָאס הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן יוֹסֵף, אוּנְד אִיךְ וֶועל זֵייא צוּרִיקְבְּרֶענְגֶען, וָוארִין אִיךְ
הָאבּ רַחֲמָנוֹת (אִיבֶּער זֵייא), אוּנְד זֵייא וֶועלֶען זֵיין אַזוֹי וִויא אִיךְ הֶעט זֵייא נִיט פֶערְוָוארְפֶען,
וָוארִין אִיךְ בִּין דֶער הַאר זֵייעֶר גָאט, אוּנְד אִיךְ וֶועל זֵייא עֶנְטְפֶערְן: 7 אוּנְד דִיא פוּן אֶפְרַיִם
וֶועלֶען זֵיין אַזוֹי וִויא אַ גִבּוֹר, אוּנְד זֵייעֶר הַארְץ וֶועט זִיךְ פְרֵייעֶן אַזוֹי וִויא מִיט וֵויין, אוּנְד
זֵייעֶרֶע קִינְדֶער וֶועלֶען עֶס זֶעהֶען אוּנְד זֵייא וֶועלֶען זִיךְ פְרֵייעֶן, זֵייעֶר הַארְץ וֶועט זֵיין פְרֶעהְ־
לִיךְ אִין דֶעם הַאר: 8 אִיךְ וֶועל צוּ זֵייא פֵייפֶען, אוּנְד אִיךְ וֶועל זֵייא פֶערְזַאמְלֶען, וָוארִין אִיךְ
הָאבּ זֵייא דֶערְלֶעזְט, אוּנְד זֵייא וֶועלֶען זִיךְ פֶערְמֶעהְרֶען אַזוֹי וִויא זֵייא הָאבֶּען זִיךְ פְרִיהֶער
פֶערְמֶעהְרְט: 9 אוּנְד אִיךְ וֶועל זֵייא זֵייעֶן צְוִוישֶׁען דִיא פֶעלְקֶער, אוּנְד זֵייא וֶועלֶען מִיךְ גֶעְ־
דֶענְקֶען אִין וֵוייטֶע לֶענְדֶער, אוּנְד זֵייא וֶועלֶען לֶעבֶּען מִיט זֵייעֶרֶע קִינְדֶער, אוּנְד זֵייא וֶועלֶען
צוּרִיקְקוּמֶען: 10 אוּנְד אִיךְ וֶועל זֵייא צוּרִיקְבְּרֶענְגֶען פוּן דֶעם לַאנְד מִצְרַיִם אוּנְד פוּן אַשּׁוּר
וֶועל אִיךְ זֵייא פֶערְזַאמְלֶען, אוּנְד אִיךְ וֶועל זֵייא בְּרֶענְגֶען צוּ דֶעם לַאנְד גִלְעָד אוּנְד צוּ לְבָנוֹן,
אוּנְד עֶס וֶועט נִיט גֶענוּג פְּלַאץ פַאר זֵייא גֶעפוּנֶען וֶוערֶען: 11 אוּנְד עֶר וֶועט אִיבֶּערְפָאהְרֶען
דוּרְךְ דֶעם יַם פוּן אַ צָרָה, אוּנְד עֶר וֶועט שְׁלָאגֶען דִיא אִינְדֶען אוּנְד עֶר וֶועט פֶערְטְרִיקֶענֶען
אלע

12 גְּאוֹן אַשּׁוּר וְשֵׁבֶט מִצְרַיִם יָסוּר׃ וְגִבַּרְתִּים בַּיהוָה וּבִשְׁמוֹ
יִתְהַלָּכוּ נְאֻם יְהוָה׃

יא יא

2 א פְּתַח לְבָנוֹן דְּלָתֶיךָ וְתֹאכַל אֵשׁ בַּאֲרָזֶיךָ׃ הֵילֵל בְּרוֹשׁ
כִּי־נָפַל אֶרֶז אֲשֶׁר אַדִּרִים שֻׁדָּדוּ הֵילִילוּ אַלּוֹנֵי בָשָׁן כִּי
3 יָרַד יַעַר הַבָּצוּר׃ קוֹל יִלְלַת הָרֹעִים כִּי שֻׁדְּדָה אַדַּרְתָּם
4 קוֹל שַׁאֲגַת כְּפִירִים כִּי שֻׁדַּד גְּאוֹן הַיַּרְדֵּן׃ כֹּה אָמַר
ה יְהוָה אֱלֹהָי רְעֵה אֶת־צֹאן הַהֲרֵגָה׃ אֲשֶׁר קֹנֵיהֶן יַהַרְגֻן
וְלֹא יֶאְשָׁמוּ וּמֹכְרֵיהֶן יֹאמַר בָּרוּךְ יְהוָה וַאעְשִׁר וְרֹעֵיהֶם
6 לֹא יַחְמוֹל עֲלֵיהֶן׃ כִּי לֹא אֶחְמוֹל עוֹד עַל־יֹשְׁבֵי הָאָרֶץ
נְאֻם־יְהוָה וְהִנֵּה אָנֹכִי מַמְצִיא אֶת־הָאָדָם אִישׁ בְּיַד־רֵעֵהוּ
7 וּבְיַד מַלְכּוֹ וְכִתְּתוּ אֶת־הָאָרֶץ וְלֹא אַצִּיל מִיָּדָם׃ וָאֶרְעֶה
אֶת־צֹאן הַהֲרֵגָה לָכֵן עֲנִיֵּי הַצֹּאן וָאֶקַּח־לִי שְׁנֵי מַקְלוֹת
לְאַחַד קָרָאתִי נֹעַם וּלְאַחַד קָרָאתִי חֹבְלִים וָאֶרְעֶה אֶת־
8 הַצֹּאן׃ וָאַכְחִד אֶת־שְׁלֹשֶׁת הָרֹעִים בְּיֶרַח אֶחָד וַתִּקְצַר
9 נַפְשִׁי בָּהֶם וְגַם־נַפְשָׁם בָּחֲלָה בִי׃ וָאֹמַר לֹא אֶרְעֶה
אֶתְכֶם הַמֵּתָה תָמוּת וְהַנִּכְחֶדֶת תִּכָּחֵד וְהַנִּשְׁאָרוֹת תֹּאכַלְנָה
י אִשָּׁה אֶת־בְּשַׂר רְעוּתָהּ׃ וָאֶקַּח אֶת־מַקְלִי אֶת־נֹעַם וָאֶגְדַּע
אֹתוֹ לְהָפֵיר אֶת־בְּרִיתִי אֲשֶׁר כָּרַתִּי אֶת־כָּל־הָעַמִּים׃
11 וַתֻּפַר בַּיּוֹם הַהוּא וַיֵּדְעוּ כֵן עֲנִיֵּי הַצֹּאן הַשֹּׁמְרִים אֹתִי כִּי
12 דְבַר־יְהוָה הוּא׃ וָאֹמַר אֲלֵיהֶם אִם־טוֹב בְּעֵינֵיכֶם הָבוּ
שְׂכָרִי וְאִם־לֹא ׀ חֲדָלוּ וַיִּשְׁקְלוּ אֶת־שְׂכָרִי שְׁלֹשִׁים כָּסֶף׃
13 וַיֹּאמֶר יְהוָה אֵלַי הַשְׁלִיכֵהוּ אֶל־הַיּוֹצֵר אֶדֶר הַיְקָר אֲשֶׁר
יָקַרְתִּי מֵעֲלֵיהֶם וָאֶקְחָה שְׁלֹשִׁים הַכֶּסֶף וָאַשְׁלִיךְ אֹתוֹ
14 בֵּית יְהוָה אֶל־הַיּוֹצֵר׃ וָאֶגְדַּע אֶת־מַקְלִי הַשֵּׁנִי אֵת
הַחֹבְלִים לְהָפֵר אֶת־הָאַחֲוָה בֵּין יְהוּדָה וּבֵין יִשְׂרָאֵל׃
טו 16 וַיֹּאמֶר יְהוָה אֵלָי עוֹד קַח לְךָ כְּלִי רֹעֶה אֱוִלִי׃ כִּי הִנֵּה־

אַלֶע טִיפֶענִים פוּן דֶעם טַייךְ, אוּנְד עֶר וֶועט אַרוּנְטֶערבְּרֶענְגֶען דִיא שְׁטָאלְצְהֵייט פוּן אַשּׁוּר אוּנְד דִיא רוּט (דֶער סְצֶעפְּטֶער) פוּן מִצְרַיִם וֶועט אָפְּגֶעטְהוּן וֶוערֶען׃ 12 אוּנְד אִיךְ וֶועל זֵייא שְׁטַארְקֶען אִין דֶעם הַאר, אוּנְד זֵייא וֶועלֶען גֶעהְן אִין זֵיין נָאמֶען, זָאגְט דֶער הַאר׃

## קאפיטעל יא

1 מַאךְ אוֹיף דֵיינֶע טִירֶען, אָ לְבָנוֹן! כְּדֵי דָאס פֵייעֶר זָאל פֶערְבְּרֶענֶען דֵיינֶע טֶענֶענְבֵּיימֶער׃ 2 קְלָאג, דוּא בּוּקְסֶען־בּוֹים, וָוארִין דֶער טֶענֶענְבּוֹים אִיז גֶעפַאלֶען, וֵוייל דִיא שְׁטַארְקֶע זֶענֶען בֶּערוֹיבְּט גֶעוָוארֶען, קְלָאגְט אָ אִיהְר לִינְדֶען־בֵּיימֶער פוּן בָּשָׁן וָוארִין דֶער פֶעסְט־שְׁטַארְקֶער וַואלְד אִיז אַרוּנְטֶער גֶעקוּמֶען׃ 3 עֶס אִיז אַ קוֹל פוּן קְלָאג פוּן דִיא פַּאסְטוּכֶער, וָוארִין זֵיירֶע הֶערְלִיכְקֵייט אִיז גֶערוֹיבְּט גֶעוָוארֶען; עֶס אִיז אַ קוֹל פוּן אַ גֶעשְׁרֵייא פוּן דִיא יוּנְגֶע לֵייבֶּען, וֵוייל דִיא שְׁטָאלְצְהֵייט פוּן דֶעם יַרְדֵן אִיז גֶערוֹיבְּט גֶעוָוארֶען׃ 4 אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר מֵיין גָאט, פַּאשֶׁע דִיא שָׁאף פוּן דֶער הַרִיגָה׃ 5 וָואס זֵיירֶע קוֹיפֶערְס הַרְגֶענ׳ן זֵייא, אוּנְד זֵייא זֶענֶען נִיט פֶערְשׁוּלְדִיגְט, אוּנְד זֵיירֶע פֶערְקוֹיפֶערְס זָאגֶען, גֶעבֶּענְשְׁט אִיז דֶער הַאר, וָוארִין אִיךְ בִּין רֵייךְ, אָבֶּער זֵיירֶע פַּאסְטוּכֶער דֶערְבַּארְמֶען זִיךְ נִיט אִיבֶּער זֵייא׃ 6 וָוארִין אִיךְ וֶועל מִיךְ נִיט מֶעהְר דֶערְבַּארְמֶען אִיבֶּער דִיא בֶּעוְואוֹינֶער פוּן דֶעם לַאנְד, זָאגְט דֶער הַאר, אוּנְד זֶעה, אִיךְ וֶועל אִיבֶּערְגֶעבֶּען אִיטְלִיכֶען מֶענְשׁ אִין דִיא הַאנְד פוּן זֵיין חַבֵר, אוּנְד אוֹיךְ אִין דִיא הַאנְד פוּן זֵיין מֶלֶךְ, אוּנְד זֵייא וֶועלֶען צוּהַאקֶען דָאס לַאנְד, אוּנְד קֵיינֶער וֶועט נִיט מֶצִיל זֵיין פוּן זֵיירֶע הַאנְד׃ 7 אוּנְד אִיךְ וֶועל פַּאשֶׁען דִיא שָׁאף פוּן דֶער הַרִיגָה, יוֹא, אִיהְרֶע אָרֶעמֶע שָׁאף! אוּנְד אִיךְ הָאבּ מִיר גֶענוּמֶען צְווֵייא שְׁטֶעקֶען, אֵיינֶעם הָאבּ אִיךְ גֶערוּפֶען נוֹעַם (לִיבְּלִיךְ) אוּנְד דֶעם אַנְדֶערְן הָאבּ אִיךְ גֶערוּפֶען חוֹבְלִים (פֶערְדַארְבּוּנְג) אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעפַּאשֶׁעט דִיא שָׁאף! 8 אוּנְד אִיךְ הָאבּ פֶערְשְׁנִיטֶען דִיא דְרֵייא פַּאסְטוּכֶער אִין אֵיין חֹדֶשׁ, אוּנְד אִיךְ בִּין וֶועגֶען זֵייא אוּנְגֶעדוּלְדִיג גֶעוָוארֶען, אוּנְד אִיךְ הָאבּ זֵייא אוֹיךְ נִיט גֶעקֶענְט דֶערְטְרָאגֶען (דוּלְדֶען)׃ 9 אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעזָאגְט, אִיךְ וֶועל אֵייךְ נִיט מֶעהְר פַּאשֶׁען, דֶער וָואס וֶועט שְׁטַארְבֶּען, דֶער זָאל שְׁטַארְבֶּען, אוּנְד דָאס וָואס זָאל פֶערְשְׁנִיטֶען וֶוערֶען, לָאז עֶס פֶערְשְׁנִיטֶען וֶוערֶען, אָבֶּער דִיא אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּענֶע וֶועלֶען עֶסֶען אִיטְלִיכֶע דָאס פְלֵיישׁ פוּן אִיהְר חַבֶרְתָּה׃ 10 אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶענוּמֶען מֵיין שְׁטֶעקֶען נוֹעַם, אוּנְד אִיךְ הָאבּ אִיהְם דוּרְכְגֶעשְׁנִיטֶען, כְּדֵי צוּ פֶערְשְׁטֶערֶען דֶעם בְּרִית. וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעמַאכְט מִיט אַלֶע פֶעלְקֶער׃ 11 אוּנְד עֶר אִיז צוּשְׁטֶערְט גֶעוָוארֶען אַן דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען טָאג, אוּנְד אַזוֹי הָאבֶּען דִיא אָרֶעמֶע שָׁאף, דִיא וָואס הִיטֶען מִיךְ גֶעוְואוּסְט אַז דָאס אִיז דָאס וָוארְט פוּן דֶעם הַאר׃ 12 אוּנְד אִיךְ הָאבּ צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, וֶוען עֶס אִיז גוּט אִין אֵיירֶע אוֹיגֶען אַזוֹי גֶעבְּט מִיר מֵיין שְׂכַר, אָבֶּער וֶוען נִיט פֶערְמֵיידֶעט עֶס, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אָפְּגֶעוְואוֹיגֶען פַאר מֵיין שְׂכַר דְרֵייסִיג שְׁטִיק זִילְבֶּער (שְׁקָלִים)׃ 13 אָבֶּער דֶער הַאר הָאט צוּ מִיר גֶעזָאגְט, וַוארְף עֶס אַרֵיין צוּ דֶעם טֶעפֶּער, אַ שֶׁעהְנֶעם (שְׂכַר) מִיט וֶועלְכֶען אִיךְ בִּין פוּן זֵייא גֶעשֶׁעצְט גֶעוָוארֶען, אַזוֹי הָאבּ אִיךְ גֶענוּמֶען דִיא דְרֵייסִיג זִילְבֶּערְנֶע שְׁקָלִים, אוּנְד אִיךְ הָאבּ זֵייא אַרֵיינְגֶעוָוארְפֶען אִין דֶעם אוֹצָר אִין דֶעם הַאר׳ס הוֹיז׃ 14 אוּנְד דֶערְנָאךְ הָאבּ אִיךְ דוּרְכְגֶעשְׁנִיטֶען מֵיין אַנְדֶערְן שְׁטֶעקֶען חוֹבְלִים, כְּדֵי צוּ צוּשְׁטֶערֶען דִיא בֶּעהֶעפְטוּנְג וָואס אִיז צְווִישֶׁען יְהוּדָה אוּנְד צְווִישֶׁען יִשְׂרָאֵל׃ 15 אוּנְד דֶער הַאר הָאט צוּ מִיר גֶעזָאגְט. נֶעם דִיר נָאכְאַמָאל דִיא כֵּלִים פוּן אַ נַארִישֶׁען פַּאסְטוּךְ׃ 16 וָוארִין זֶעה, אִיךְ

איך וועל אויפשטעלען א פאסטוך אין דעם לאנד וואס וועט ניט געדענקען דיא וואס זענען פערמיטען אונד ער וועט ניט זוכען דיא יונגע, אונד דיא צובראכענע וועט ער ניט היילען, אונד ער וועט אויך ניט דערנעהרען דיא וואס שטעהען שטיל, נייערט ער וועט עסען דאס פלייש פון דיא פעטע אונד ער וועט שפאלטען זייערע קלויען: 17 אוי וועה צו דיא נארישע פאסטוכער וואס פערלאזען דיא שאף! דאס שווערד וועט זיין אויף זיין ארעם, אונד אויף זיין רעכטעם אויג, זיין ארעם וועט אים גאנצען פערטריקענט ווערען אונד זיין רעכטעם אויג וועט אים גאנצען טונקעל ווערען:

## קאפיטעל יב

1 דיא משא (נבואה) פון דעם ווארט פון דעם האר איבער ישראל, אזוי זאגט דער האר, דער וואס ברייט אוים דיא הימעל אונד גרונד־פעסטיגט דיא ערד, אונד וואס בעשאפט דעם גייסט פון דעם מענש צווישען איהם: 2 זעה איך וועל מאכען ירושלים א כוס פון פערטומלונג צו אלע פעלקער רינגם ארום, אונד ער וועט אויך זיין קעגען יהודה אין דער בעלאגערונג איבער ירושלים: 3 אונד עס וועט זיין אין דעמזעלביגען טאג, אזוי וועל איך מאכען ירושלים אלס א שווערען שטיין צו אלע פעלקער, אונד איטליכער וואס וועט טראגען דעם שטיין וועט געוויס געקראצט (אדער צושניטען) ווערען, אונד אלע היידען פון דער וועלט וועלען זיך קעגען איהר פערזאמלען: 4 אין דעמזעלביגען טאג, זאגט דער האר, וועל איך שלאגען איטליכעס פערד מיט פערטומלונג, אונד זיין רייטער מיט משוגעת, אונד איך וועל אויפמאכען מיינע אויגען איבער דעם הויזגעזינד פון יהודה, אבער איטליכעס פערד פון דיא פעלקער וועל איך שלאגען מיט בלינדהייט: 5 אונד דיא הארען פון יהודה וועלען זאגען אין זייער הארץ, דיא בעוואוינער פון ירושלים וועלען זיין פאר מיר א שטארקהייט אין דעם האר צבאות זייער גאט: 6 אין דעמזעלביגען טאג וועל איך מאכען דיא הארען פון יהודה גלייך וויא א פלאקער פייער צווישען דיא פעלקער, אונד וויא א פלאם פייער וואס ברענט דיא תבואה, אונד זייא וועלען פערברענען אלע פעלקער אויף דער רעכטער האנד אונד אויף דער לינקער האנד רינגם ארום, אונד ירושלים וועט בלייבען אויף איהר ארט, אפילו אין ירושלים: 7 אונד דער האר וועט העלפען דיא געצעלטער פון יהודה צום ערשטען, כדי דיא הערליכקייט פון דעם הויזגעזינד פון דוד זאל זיך ניט גרוים מאכען, אונד דיא הערליכקייט פון דיא בעוואוינער פון ירושלים איבער יהודה: 8 אין דעמזעלביגען טאג וועט דער האר זיין א שילד איבער דיא איינוואוינער פון ירושלים, אונד עס וועט זיין אין דעמזעלביגען טאג אז דער שטרויכעלדיגער (שוואכער) פון זייא וועט זיין אזוי וויא דוד, אונד דאס הויזגעזינד פון דוד וויא גאט, אזוי וויא דער מלאך פון דעם האר פאר זייער פנים: 9 אונד עס וועט זיין אין דעמזעלביגען טאג אזוי וועל איך זוכען צו פערטילגען אלע פעלקער וואס קומען קעגען ירושלים: 10 אונד איך וועל אויסגיסען איבער דעם הויזגעזינד פון דוד אונד איבער דיא איינוואוינער פון ירושלים דעם רוח פון חן אונד געבעט, אונד זייא וועלען אויף מיר קוקען וועמען זייא האבען צושטאכען, אונד זייא וועלען איבער איהם קלאגען אזוי וויא איינער קלאגט איבער א (בן) יחיד, אונד זייא וועלען זיין אין ביטערקייט איבער איהם, אזוי וויא איינער איז אין ביטערקייט וועגען א בכור: 11 אין דעמזעלביגען טאג וועט דיא קלאג זיין גרוים

אין

אנכי מקים רעה בארץ הנכחדות לא־יפקד הנער לא
יבקש והנשברת לא ירפא הנצבה לא יכלכל ובשר
17 הבריאה יאכל ופרסיהן יפרק: הוי רעי האליל עזבי
הצאן חרב על־זרועו ועל־עין ימינו זרעו יבוש תיבש ועין
ימינו כהה תכהה:

יב

א משא דבר־יהוה על־ישראל נאם־יהוה נטה שמים ויסד
2 ארץ ויצר רוח־אדם בקרבו: הנה אנכי שם את־ירושלם
סף־רעל לכל־העמים סביב וגם על־יהודה יהיה במצור
3 על־ירושלם: והיה ביום־ההוא אשים את־ירושלם אבן
מעמסה לכל־העמים כל־עמסיה שרוט ישרטו ונאספו
4 עליה כל גויי הארץ: ביום ההוא נאם־יהוה אכה כל־
סוס בתמהון ורכבו בשגעון ועל־בית יהודה אפקח את־
ה עיני וכל סוס העמים אכה בעורון: ואמרו אלפי יהודה
בלבם אמצה לי ישבי ירושלם ביהוה צבאות אלהיהם:
6 ביום ההוא אשים את־אלפי יהודה ככיור אש בעצים
וכלפיד אש בעמיר ואכלו על־ימין ועל־שמאול את־
כל־העמים סביב וישבה ירושלם עוד תחתיה בירושלם:
7 והושיע יהוה את־אהלי יהודה בראשנה למען לא־תגדל
תפארת בית־דויד ותפארת ישב ירושלם על־יהודה:
8 ביום ההוא יגן יהוה בעד יושב ירושלם והיה הנכשל
בהם ביום ההוא כדויד ובית דויד כאלהים כמלאך
9 יהוה לפניהם: והיה ביום ההוא אבקש להשמיד את־
י כל־הגוים הבאים על־ירושלם: ושפכתי על־בית
דויד ועל יושב ירושלם רוח חן ותחנונים והביטו אלי
את אשר־דקרו וספדו עליו כמספד על־היחיד והמר
11 עליו כהמר על־הבכור: ביום ההוא יגדל המספד

12 בִּירוּשָׁלִַם כְּמִסְפַּד הֲדַדְרִמּוֹן בְּבִקְעַת מְגִדּוֹן׃ וְסָפְדָה
הָאָרֶץ מִשְׁפָּחוֹת מִשְׁפָּחוֹת לְבָד מִשְׁפַּחַת בֵּית־דָּוִיד
לְבָד וּנְשֵׁיהֶם לְבָד מִשְׁפַּחַת בֵּית־נָתָן לְבָד וּנְשֵׁיהֶם לְבָד׃
13 מִשְׁפַּחַת בֵּית־לֵוִי לְבָד וּנְשֵׁיהֶם לְבָד מִשְׁפַּחַת הַשִּׁמְעִי
14 לְבָד וּנְשֵׁיהֶם לְבָד׃ כֹּל הַמִּשְׁפָּחוֹת הַנִּשְׁאָרוֹת מִשְׁפָּחֹת
מִשְׁפָּחֹת לְבָד וּנְשֵׁיהֶם לְבָד׃

יג יג

א בַּיּוֹם הַהוּא יִהְיֶה מָקוֹר נִפְתָּח לְבֵית דָּוִיד וּלְיֹשְׁבֵי יְרוּשָׁלִָם
2 לְחַטַּאת וּלְנִדָּה׃ וְהָיָה בַיּוֹם הַהוּא נְאֻם ׀ יְהוָה צְבָאוֹת
אַכְרִית אֶת־שְׁמוֹת הָעֲצַבִּים מִן־הָאָרֶץ וְלֹא יִזָּכְרוּ עוֹד
וְגַם אֶת־הַנְּבִיאִים וְאֶת־רוּחַ הַטֻּמְאָה אַעֲבִיר מִן־הָאָרֶץ׃
3 וְהָיָה כִּי־יִנָּבֵא אִישׁ עוֹד וְאָמְרוּ אֵלָיו אָבִיו וְאִמּוֹ יֹלְדָיו
לֹא תִחְיֶה כִּי שֶׁקֶר דִּבַּרְתָּ בְּשֵׁם יְהוָה וּדְקָרֻהוּ אָבִיהוּ
4 וְאִמּוֹ יֹלְדָיו בְּהִנָּבְאוֹ׃ וְהָיָה ׀ בַּיּוֹם הַהוּא יֵבֹשׁוּ הַנְּבִיאִים
אִישׁ מֵחֶזְיֹנוֹ בְּהִנָּבְאֹתוֹ וְלֹא יִלְבְּשׁוּ אַדֶּרֶת שֵׂעָר לְמַעַן
ה כַּחֵשׁ׃ וְאָמַר לֹא נָבִיא אָנֹכִי אִישׁ עֹבֵד אֲדָמָה אָנֹכִי
6 כִּי־אָדָם הִקְנַנִי מִנְּעוּרָי׃ וְאָמַר אֵלָיו מָה הַמַּכּוֹת הָאֵלֶּה
7 בֵּין יָדֶיךָ וְאָמַר אֲשֶׁר הֻכֵּיתִי בֵּית מְאַהֲבָי׃ חֶרֶב
עוּרִי עַל־רֹעִי וְעַל־גֶּבֶר עֲמִיתִי נְאֻם יְהוָה צְבָאוֹת הַךְ
אֶת־הָרֹעֶה וּתְפוּצֶיןָ הַצֹּאן וַהֲשִׁבֹתִי יָדִי עַל־הַצֹּעֲרִים׃
8 וְהָיָה בְכָל־הָאָרֶץ נְאֻם־יְהוָה פִּי־שְׁנַיִם בָּהּ יִכָּרְתוּ יִגְוָעוּ
9 וְהַשְּׁלִשִׁית יִוָּתֶר בָּהּ׃ וְהֵבֵאתִי אֶת־הַשְּׁלִשִׁית בָּאֵשׁ
וּצְרַפְתִּים כִּצְרֹף אֶת־הַכֶּסֶף וּבְחַנְתִּים כִּבְחֹן אֶת־הַזָּהָב
הוּא ׀ יִקְרָא בִשְׁמִי וַאֲנִי אֶעֱנֶה אֹתוֹ אָמַרְתִּי עַמִּי הוּא וְהוּא
יֹאמַר יְהוָה אֱלֹהָי׃

יד יד

2 א הִנֵּה יוֹם בָּא לַיהוָה וְחֻלַּק שְׁלָלֵךְ בְּקִרְבֵּךְ׃ וְאָסַפְתִּי

אין ירושלים אזוי וויא דיא קלאג פון דדרמון אין דעם טהאל פון מגדון: 12 אונד דאס לאנד וועט קלאגען, איטליכע משפחה בעזונדער, דיא משפחה פון דעם הויזגעזינד פון דוד בעזונדער, אונד זייערע ווייבער בעזונדער: דיא משפחה פון דעם הויזגעזינד פון נתן בעזונדער, אונד זייערע ווייבער בעזונדער: 13 דיא משפחה פון דעם הויזגעזינד פון לוי בעזונדער אונד זייערע ווייבער בעזונדער, דיא משפחה פון שמעי בעזונדער אונד זייערע ווייבער בעזונדער: 14 אלע איבערגעבליבענע משפחות, איטליכע משפחה בעזונדער, אונד זייערע ווייבער בעזונדער:

## קאפיטעל יג

1 אין דעמזעלביגען טאג וועט זיין איין אויפגעמאכטער קוואל צו דעם הויזגעזינד פון דוד אונד צו דיא בעוואוינער פון ירושלים, פאר זינד אונד אומריינינקייט: 2 אונד עס וועט זיין אין דעמזעלביגען טאג זאגט דער הער צבאות, אזוי וועל איך פערשניידען דיא נעמען פון דיא געצען פון דעם לאנד, אונד זייא וועלען ניט מעהר געדאכט ווערען, אונד אויך דיא פאלשע נביאים אונד דיא אומריינע רוחות וועל איך מאכען איבערפארען (אוועקגיין) אוים דעם לאנד: 3 אונד עס וועט זיין ווען איינער וועט נאך (פאלש) נבואות זאגען, אזוי וועלען זיין פאטער אונד זיינע מוטער וואס האבען איהם געבוירען, זאגען, דוא טארפסט ניט לעבען, וויל דוא האסט גערעט ליגען אין דעם נאמען פון דעם הער; אונד זיין פאטער אונד זיינע מוטער וואס האבען איהם געבוירען וועלען איהם דורכשטעכען ווען ער זאגט פאלש נבואות: 4 אונד עס וועט זיין אין דעמזעלביגען טאג אזוי וועלען דיא (פאלשע) נביאים זיך אליין שעמען איטליכער וועגען זיינע זעהונג אונד זיינע נבואות זאגען, אונד זייא וועלען זיך ניט אנקליידען מיט א האריגען מאנטעל כדי ליגען צו זאגען: 5 נייערט ער וועט זאגען איך בין איין אקערם־מאן, איך בין קיין נביא,— וואָרין מען האט מיך געלערנט רינדער צו היטען פון מיינע יוגענד אן: 6 אונד מען וועט צו איהם זאגען, וואס זענען דיא דאזיגע וואונדען צווישען דיינע הענד? אונד ער וועט זאגען, דאס זענען דיא וואונדען מיט וואס מען האט מיך געשלאגען אין דעם הויז פון מיינע ליבהאבערס: 7 דערוועק דיך דוא שווערד קעגען מיין פאסטוך, אונד קעגען דעם מאן וואס איז מיר גלייך (א חבר), זאגט דער הער צבאות, שלאג דעם פאסטוך, אונד דיא שאף וועלען צושטרייט ווערען, אונד איך וועל מיינע האנד צוריקקעהרען צו דיא יונגע (קליינע) שעפעליך: 8 אונד עס וועט זיין אין דעם גאנצען לאנד, זאגט דער הער, אז צווייא חלקים וועלען פערשניטען ווערען, אונד איין דריט חלק וועט דרינען איבערבלייבען: 9 אונד דאס דריט־חלק וועל איך דורכברענגען דורך דעם פייער, אונד איך וועל זייא לייטערן אזוי וויא זילבער ווערט געלייטערט, אונד איך וועל זייא פריפען אזוי וויא גאלד ווערט גע־געפריפט, ער וועט אנרופען מיין נאמען, אונד איך וועל איהם ענטפערן, איך וועל זאגען ער איז מיין פאלק, אונד ער וועט זאגען דער הער איז מיין גאט:

## קאפיטעל יד

1 זעה, א טאג קומט פון דעם הער, אונד דער זאק־רויב וועט צווישען דיר צוטיילט ווערען: 2 אונד איך וועל פערזאמעלן אלע גוים קעגען ירושלים צו מלחמה, אונד

דיא

דיא שטאָט וועט איינגענומען ווערען,
אונד זייא וועלען בערויבען דיא הייזער,
אונד דיא ווייבער וועלען בעצוואונגען
ווערען אונד א האַלבע שטאָט וועט
ארויסגעהן אין גלות, אָבער דאָס איבּ־
ריגע פאָלק וועט ניט פערשניטען ווערען
פון דער שטאָט: 3 אונד דער האַר
וועט ארויסגעהן אונד מלחמה האַלטען
מיט דיא דאָזיגע גוים אַזוי וויא ער האָט
מלחמה געהאַלטען אין דעם מלחמה
טאָג: 4 אין דעמזעלביגען טאָג וועלען
זיינע פיס שטעהן אויף דעם הר הזתים
וואָס איז פאַר ירושלים, אין דער מזרח־
זייט, אונד דער הר הזתים וועט גע־
שפּאַלטען ווערען אין דער מיטען,
קעגען מזרח אונד קעגען מערב צו א
גרויס טהאָל, איין האַלבער באַרג וועט
אַוועקגעריקט ווערען קעגען צפון־זייט,
אונד דיא אַנדערע העלפט קעגען דרום־
זייט צו: 5 אונד איהר וועט אַנטלויפען
צו דעם טהאָל פון דיא בערג, וואָרין
דאָס טהאָל פון דיא בערג וועט גרייכען
צו אָצל, אונד איהר וועט אַנטלויפען אַזוי
וויא איהר זענט אַנטלאָפען פאַר דעם
שטורם אין דיא טעג פון עזיהו מלך פון יהודה, אונד דער האַר מיין גאָט וועט קומען
אונד אַלע הייליגע מיט דיר: 6 אונד עס וועט זיין אין דעמזעלביגען טאָג אַזוי וועט
ניט זיין קיין רעכטעס ליכט, נייערט דאָס טייערע ליכט וועט זיין וויא דיקער נעבעל:
7 אָבער עס וועט זיין איין טאָג וואָס וועט בעקאַנט זיין צו דעם האַר, ניט א (געוועהנ־
ליכער) טאָג, אונד ניט א (געוועהנליכע) נאַכט, אָבער עס וועט זיין צו אָבענד־צייט
אַזוי וועט עס זיין ליכטיג: 8 אונד עס וועט זיין אין דעמזעלביגען טאָג, אַזוי וועלען
ארויסגעהן לעבעדיגע וואַסער פון ירושלים, א העלפט צו דעם ים פון מזרח־זייט צו,
אונד דיא אַנדערע העלפט צו דעם הינטערשטען ים אין מערב־זייט, אונד דער קוואַל
זאָל זיין אין דעם זומער אונד ווינטער: 9 אונד דער האַר וועט זיין קעניג איבער דיא
גאַנצע וועלט, אין דעמזעלביגען טאָג וועט זיין איין יהוה, אונד זיין נאָמען וועט זיין
איינער: 10 דאָס גאַנצע לאַנד וועט ווערען ארומגערינגעלט אַזוי וויא א גלייכער פלאַץ,
פון גבע ביז קיין רמון אין דער דרום־זייט פון ירושלים, אונד עס וועט דערהויבען ווע־
רען, אונד וועט בעוואוינט בלייבען אויף איהר אָרט, פון דעם טויער בנימין ביז צו דעם
אָרט פון דעם ערשטען טויער, ביז צו דעם עק טויער, אונד פון דעם טהורעם פון
חננאל ביז צו דעם קעניגס קעלטער: 11 אונד זייא וועלען אין איהר וואוינען, אונד עס
וועט קיין שום חרם ניט מעהר זיין, נייערט ירושלים וועט אין איהרע זיכערהייט בע־
וואוינט ווערען: 12 אונד דאָס וועט זיין דיא מגפה מיט וואָס דער האַר וועט שלאָגען
אַלע פעלקער וואָס וועלען זיך לאַגערן קעגען ירושלים, דאָס פלייש וועט פון איטליכען
צוגעהן ווען ער שטעהט אויף זיינע פיס, אונד זיינע אויגען וועלען צוגעהן אין זייערע
לעכער, אונד זיינע צונג וועט צוגעהן אין זייער מויל: 13 אונד עס וועט זיין אין
דעמזעלביגען טאָג, דאָס עס וועט זיין א גרויסע פערטומלונג פון דעם האַר צווישען
זייא, אונד זייא וועלען אָנחאַפּען איינער דעם אַנדערנס האַנד, אונד זיינע האַנד וועט
אויפגעהויבען ווערען קעגען זיין חבר'ס האַנד: 14 אונד יהודה וועט אויך מלחמה
האַלטען אין ירושלים, אונד דאָס פערמעגען פון אַלע גוים רינגס ארום וועט איינגע־
זאַמעלט ווערען, גאָלד, זילבער אונד קליידער זעהר פיל: 15 אונד גראַד אַזוי וועט
אויך זיין דיא מגפה פון דיא פערד, דיא מוילעזעל, פון דיא קעמעל אונד עזעל,
אונד פון אַלערלייא בהמות וואָס וועלען זיין אין דיא דאָזיגע מחנות,
אזוי

אֶת־כָּל־הַגּוֹיִם ׀ אֶל־יְרוּשָׁלִַם֮ לַמִּלְחָמָה֒ וְנִלְכְּדָה הָעִיר
וְנָשַׁסּוּ הַבָּתִּים וְהַנָּשִׁים תִּשָּׁגַלְנָה וְיָצָא חֲצִי הָעִיר בַּגּוֹלָה
3 וְיֶתֶר הָעָם לֹא יִכָּרֵת מִן־הָעִיר׃ וְיָצָא יְהוָה וְנִלְחַם בַּגּוֹיִם
4 הָהֵם כְּיוֹם הִלָּחֲמוֹ בְּיוֹם קְרָב׃ וְעָמְדוּ רַגְלָיו בַּיּוֹם־הַהוּא
עַל־הַר הַזֵּיתִים אֲשֶׁר עַל־פְּנֵי יְרוּשָׁלִַם֮ מִקֶּדֶם֒ וְנִבְקַע הַר
הַזֵּיתִים מֵחֶצְיוֹ מִזְרָחָה וָיָמָּה גֵּיא גְּדוֹלָה מְאֹד וּמָשׁ חֲצִי
ה הָהָר צָפוֹנָה וְחֶצְיוֹ נֶגְבָּה׃ וְנַסְתֶּם גֵּיא־הָרַי כִּי־יַגִּיעַ גֵּי־
הָרִים֮ אֶל־אָצַל֒ וְנַסְתֶּם כַּאֲשֶׁר נַסְתֶּם מִפְּנֵי הָרַעַשׁ בִּימֵי
עֻזִּיָּה מֶלֶךְ־יְהוּדָה וּבָא יְהוָה אֱלֹהַי כָּל־קְדֹשִׁים עִמָּךְ׃
6 וְהָיָה בַּיּוֹם הַהוּא לֹא־יִהְיֶה אוֹר יְקָרוֹת יְקִפָּאוֹן׃
7 וְהָיָה יוֹם־אֶחָד הוּא יִוָּדַע לַיהוָה לֹא־יוֹם וְלֹא־לָיְלָה וְהָיָה
8 לְעֵת־עֶרֶב יִהְיֶה־אוֹר׃ וְהָיָה ׀ בַּיּוֹם הַהוּא יֵצְאוּ מַיִם־
חַיִּים֮ מִירוּשָׁלִַם֒ חֶצְיָם אֶל־הַיָּם֙ הַקַּדְמוֹנִי וְחֶצְיָם אֶל־הַיָּם
9 הָאַחֲרוֹן בַּקַּיִץ וּבָחֹרֶף יִהְיֶה׃ וְהָיָה יְהוָה לְמֶלֶךְ עַל־
כָּל־הָאָרֶץ בַּיּוֹם הַהוּא יִהְיֶה יְהוָה אֶחָד וּשְׁמוֹ אֶחָד׃
י יִסּוֹב כָּל־הָאָרֶץ כָּעֲרָבָה מִגֶּבַע לְרִמּוֹן נֶגֶב יְרוּשָׁלִָם
וְרָאֲמָה וְיָשְׁבָה תַחְתֶּיהָ לְמִשַּׁעַר בִּנְיָמִן עַד־מְקוֹם שַׁעַר
הָרִאשׁוֹן עַד־שַׁעַר הַפִּנִּים וּמִגְדַּל חֲנַנְאֵל עַד יִקְבֵי הַמֶּלֶךְ׃
11 וְיָשְׁבוּ בָהּ וְחֵרֶם לֹא יִהְיֶה־עוֹד וְיָשְׁבָה יְרוּשָׁלִַם לָבֶטַח׃
12 וְזֹאת ׀ תִּהְיֶה הַמַּגֵּפָה אֲשֶׁר יִגֹּף יְהוָה אֶת־כָּל־
הָעַמִּים אֲשֶׁר צָבְאוּ עַל־יְרוּשָׁלִָם הָמֵק ׀ בְּשָׂרוֹ וְהוּא עֹמֵד
עַל־רַגְלָיו וְעֵינָיו תִּמַּקְנָה בְחֹרֵיהֶן וּלְשׁוֹנוֹ תִּמַּק בְּפִיהֶם׃
13 וְהָיָה בַּיּוֹם הַהוּא תִּהְיֶה מְהוּמַת־יְהוָה רַבָּה בָּהֶם וְהֶחֱזִיקוּ
14 אִישׁ יַד רֵעֵהוּ וְעָלְתָה יָדוֹ עַל־יַד רֵעֵהוּ׃ וְגַם־יְהוּדָה
תִּלָּחֵם בִּירוּשָׁלִָם וְאֻסַּף חֵיל כָּל־הַגּוֹיִם סָבִיב זָהָב וָכֶסֶף
טו וּבְגָדִים לָרֹב מְאֹד׃ וְכֵן תִּהְיֶה מַגֵּפַת הַסּוּס הַפֶּרֶד
הַגָּמָל וְהַחֲמוֹר וְכָל־הַבְּהֵמָה אֲשֶׁר יִהְיֶה בַּמַּחֲנוֹת הָהֵמָּה

16 בַּמַּגֵּפָה הַזֹּאת׃ וְהָיָה כָּל־הַנּוֹתָר מִכָּל־הַגּוֹיִם
הַבָּאִים עַל־יְרוּשָׁלָ͏ִם וְעָלוּ מִדֵּי שָׁנָה בְשָׁנָה לְהִשְׁתַּחֲוֺת
17 לְמֶלֶךְ יְהוָה צְבָאוֹת וְלָחֹג אֶת־חַג הַסֻּכּוֹת׃ וְהָיָה אֲשֶׁר
לֹא־יַעֲלֶה מֵאֵת מִשְׁפְּחוֹת הָאָרֶץ אֶל־יְרוּשָׁלַ͏ִם לְהִשְׁתַּחֲוֺת
18 לְמֶלֶךְ יְהוָה צְבָאוֹת וְלֹא עֲלֵיהֶם יִהְיֶה הַגָּשֶׁם׃ וְאִם־
מִשְׁפַּחַת מִצְרַיִם לֹא־תַעֲלֶה וְלֹא בָאָה וְלֹא עֲלֵיהֶם תִּהְיֶה
הַמַּגֵּפָה אֲשֶׁר יִגֹּף יְהוָה אֶת־הַגּוֹיִם אֲשֶׁר לֹא יַעֲלוּ לָחֹג
19 אֶת־חַג הַסֻּכּוֹת׃ זֹאת תִּהְיֶה חַטַּאת מִצְרָיִם וְחַטַּאת כָּל־
כ הַגּוֹיִם אֲשֶׁר לֹא יַעֲלוּ לָחֹג אֶת־חַג הַסֻּכּוֹת׃ בַּיּוֹם הַהוּא
יִהְיֶה עַל־מְצִלּוֹת הַסּוּס קֹדֶשׁ לַיהוָה וְהָיָה הַסִּירוֹת
21 בְּבֵית יְהוָה כַּמִּזְרָקִים לִפְנֵי הַמִּזְבֵּחַ׃ וְהָיָה כָּל־סִיר
בִּירוּשָׁלַ͏ִם וּבִיהוּדָה קֹדֶשׁ לַיהוָה צְבָאוֹת וּבָאוּ כָּל־
הַזֹּבְחִים וְלָקְחוּ מֵהֶם וּבִשְּׁלוּ בָהֶם וְלֹא־יִהְיֶה כְנַעֲנִי עוֹד
בְּבֵית־יְהוָה צְבָאוֹת בַּיּוֹם הַהוּא׃

אַזוֹי וִויא דִיא דָאזִיגֶע מַגֵּפָה: 16 אוּנְד עֶס וֶועט זַיין דָאס אִיטְלִיכֶער וָואס אִיז אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּען פוּן אַלֶע גוֹיִם וָואס זֶענֶען גֶעקוּמֶען קֶעגֶען יְרוּשָׁלַיִם, זַייא זָאלֶען אַרוֹיפְגֶעהְן פוּן יָאהְר צוּ יָאהְר כְּדֵי זִיךְ צוּ בִּיקֶען פָאר דֶעם מֶלֶךְ דֶעם הַאר צְבָאוֹת, אוּנְד צוּ פֵייעֶרְן דֶעם חַג הַסֻּכּוֹת: 17 אוּנְד עֶס וֶועט זַיין, דָאס דֶער וָואס וֶועט נִיט אַרוֹיפְגֶעהְן פוּן אַלֶע מִשְׁפָּחוֹת פוּן דֶער עֶרְד קֵיין יְרוּשָׁלַיִם כְּדֵי זִיךְ צוּ בִּיקֶען פָאר דֶעם מֶלֶךְ דֶעם הַאר צְבָאוֹת, אִיבֶּער זָאלְכֶע וֶועט נִיט זַיין קֵיין רֶעגֶען: 18 אוּנְד וֶוען דִיא מִשְׁפָּחוֹת פוּן מִצְרַיִם וֶועלֶען נִיט אַרוֹיפְגֶעהְן, אוּנְד וֶועלֶען נִיט קוּמֶען, אַזוֹי וֶועט אִיבֶּער זַייא נִיט זַיין (קֵיין רֶעגֶען), דָאס וֶועט זַיין דִיא מַגֵּפָה מִיט וָואס דֶער הַאר וֶועט שְׁלָאגֶען דִיא גוֹיִם וָואס וֶועלֶען נִיט אַרוֹיפְגֶעהְן צוּ פֵייעֶרְן דֶעם יוֹם טוֹב פוּן סֻכּוֹת: 19 דָאס וֶועט זַיין דִיא זִינְד פוּן מִצְרַיִם, אוּנְד דִיא זִינְד פוּן אַלֶע גוֹיִם וָואס וֶועלֶען נִיט אַרוֹיפְגֶעהְן צוּ פֵייעֶרְן דָעם יוֹם טוֹב פוּן סֻכּוֹת: 20 אִין דֶעם דָאזִיגֶען טָאג וֶועלֶען זַיין דִיא גְלֶעקְלֶעךְ פוּן דִיא פֶערְד הֵיילִיג צוּ דֶעם הַאר, אוּנְד (אוֹיךְ) דִיא טֶעפּ אִין דֶעם בֵּית הַמִּקְדָּשׁ זָאלֶען זַיין אַזוֹי וִויא דִיא שְׁפְּרֶענְג־בֶּעקֶען פָאר דֶעם מִזְבֵּחַ: 21 אוּנְד אִיטְלִיכֶער טָאפּ אִין יְרוּשָׁלַיִם אוּנְד אִין יְהוּדָה וֶועט זַיין הֵיילִיג צוּ דֶעם הַאר צְבָאוֹת, אוּנְד אַלֶע וָואס זֶענֶען מַקְרִיב קָרְבָּנוֹת, זַייא זָאלֶען נֶעמֶען דֶערְפוּן אוּנְד אִין זַייא קָאכֶען, אוּנְד עֶס וֶועט נִיט מֶעהְר זַיין אַ כְּנַעֲנִי (אָדֶער סוֹחֵר) אִין דֶעם הוֹיז פוּן דֶעם הַאר צְבָאוֹת אִין דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען טָאג:

# מלאכי

א 2 מַשָּׂא דְבַר־יְהוָה אֶל־יִשְׂרָאֵל בְּיַד מַלְאָכִי׃ אָהַבְתִּי אֶתְכֶם
אָמַר יְהוָה וַאֲמַרְתֶּם בַּמָּה אֲהַבְתָּנוּ הֲלוֹא־אָח עֵשָׂו
3 לְיַעֲקֹב נְאֻם־יְהוָה וָאֹהַב אֶת־יַעֲקֹב׃ וְאֶת־עֵשָׂו שָׂנֵאתִי
4 וָאָשִׂים אֶת־הָרָיו שְׁמָמָה וְאֶת־נַחֲלָתוֹ לְתַנּוֹת מִדְבָּר׃ כִּי־
תֹאמַר אֱדוֹם רֻשַּׁשְׁנוּ וְנָשׁוּב וְנִבְנֶה חֳרָבוֹת כֹּה אָמַר יְהוָה
צְבָאוֹת הֵמָּה יִבְנוּ וַאֲנִי אֶהֱרוֹס וְקָרְאוּ לָהֶם גְּבוּל רִשְׁעָה
ה וְהָעָם אֲשֶׁר־זָעַם יְהוָה עַד־עוֹלָם׃ וְעֵינֵיכֶם תִּרְאֶינָה וְאַתֶּם
6 תֹּאמְרוּ יִגְדַּל יְהוָה מֵעַל לִגְבוּל יִשְׂרָאֵל׃ בֵּן יְכַבֵּד אָב
וְעֶבֶד אֲדֹנָיו וְאִם־אָב אָנִי אַיֵּה כְבוֹדִי וְאִם־אֲדוֹנִים אָנִי
אַיֵּה מוֹרָאִי אָמַר ׀ יְהוָה צְבָאוֹת לָכֶם הַכֹּהֲנִים בּוֹזֵי שְׁמִי
7 וַאֲמַרְתֶּם בַּמֶּה בָזִינוּ אֶת־שְׁמֶךָ׃ מַגִּישִׁים עַל־מִזְבְּחִי לֶחֶם
מְגֹאָל וַאֲמַרְתֶּם בַּמֶּה גֵאַלְנוּךָ בֶּאֱמָרְכֶם שֻׁלְחַן יְהוָה
8 נִבְזֶה הוּא׃ וְכִי־תַגִּשׁוּן עִוֵּר לִזְבֹּחַ אֵין רָע וְכִי תַגִּישׁוּ
פִּסֵּחַ וְחֹלֶה אֵין רָע הַקְרִיבֵהוּ נָא לְפֶחָתֶךָ הֲיִרְצְךָ אוֹ
9 הֲיִשָּׂא פָנֶיךָ אָמַר יְהוָה צְבָאוֹת׃ וְעַתָּה חַלּוּ־נָא פְנֵי־אֵל
וִיחָנֵנוּ מִיֶּדְכֶם הָיְתָה זֹּאת הֲיִשָּׂא מִכֶּם פָּנִים אָמַר יְהוָה
י צְבָאוֹת׃ מִי גַם־בָּכֶם וְיִסְגֹּר דְּלָתַיִם וְלֹא־תָאִירוּ מִזְבְּחִי
חִנָּם אֵין־לִי חֵפֶץ בָּכֶם אָמַר יְהוָה צְבָאוֹת וּמִנְחָה לֹא־
11 אֶרְצֶה מִיֶּדְכֶם׃ כִּי מִמִּזְרַח־שֶׁמֶשׁ וְעַד־מְבוֹאוֹ גָּדוֹל
שְׁמִי בַּגּוֹיִם וּבְכָל־מָקוֹם מֻקְטָר מֻגָּשׁ לִשְׁמִי וּמִנְחָה

א דיא משא (נבואה) פון דעם האר צו
ישראל דורך מלאכי: 2 איך האב אייך
געליבט, זאגט דער האר, אונד דאך
זאגט איהר, מיט וואס האסט דוא אונס
געליבט? איז דען ניט עשו געוועזען
יעקב'ס ברודער? זאגט דער האר, אונד
דאך האב איך יעקב'ן געליבט: 3 אבער
עשו האב איך פיינד געהאט, אונד איך
האב זיינע בערג וויסט געמאכט, אונד
זיין נחלה האב איך געגעבען פאר דיא
דראכען שלאנגען אין דער מדבר:
4 ווען אדום וועט זאגען, מיר זענען פער־
ארעמט געווארען, אונד מיר וועלען צו־
ריקקעהרען אונד אויפבויען דיא חורבות,
(אבער) אזוי זאגט דער האר צבאות,
זייא מעגען אויפבויען, אבער איך וועל
עם אפברעכען, אונד זייא וועלען עם רופען דיא גרענעץ פון רשעות, אונד דאס איז
א פאלק איבער וועמען דער האר איז אויף עביג צארניג: 5 אונד אייערע אויגען
וועלען עס זעהען, אונד איהר וועט זאגען, לאז דער האר גרעסער זיין איבער אלע
גרענעצען פון ישראל: 6 א זוהן האלט בכבוד זיין פאטער, אונד א קנעכט זיין האר,
אונד ווען איך בין א פאטער אוואו איז מיין כבוד? אונד ווען איך בין א האר (הארען
אדונים) אוואו איז מיין מורא? זאגט דער האר צבאות צו אייך כהנים וואס איהר זענט
מבזה מיין נאמען; אונד דאך זאגט איהר, מיט וואס זענען מיר מבזה דיין נאמען?
7 (מיט דעם) וואס איהר זענט מקריב אויף מיין מזבח איינגעריכטעס ברויט, אונד
דאך זאגט איהר, מיט וואס האבען מיר דיך פעראומווערדיגט? מיט דעם וואס איהר
זאגט, דער טיש פון דעם האר איז פעראכטעט: 8 אונד ווען איהר זענט מקריב א
בלינדעס־קרבן, איז דאס ניט שלעכט? אונד ווען איהר זענט מקריב דאס לאמע אדער
קראנקע, איז דאס ניט שלעכט? ברענג דאך דאס אלס קרבן צו דיין האר, וועט עס איהם
געפעלען, אדער וועט ער עס אננעמען? זאגט דער האר צבאות: 9 אבער אצונד,
בעטעט דאך אן דאס פנים פון גאט אז ער זאל אונס לייטזעליגען, דאס איז פון אייערע
הענד געוועזען, וועט ער דען דאס פון אייך אננעמען? זאגט דער האר צבאות:
10 ווער איז דען אונטער אייך וואס וויל פערשליסען דיא טירען, אונד ניט אנצינדען
א פייער אויף מיין מזבח בחנם? איך האב קיינע לוסט אין אייך זאגט דער האר צבאות,
אונד איך וועל אויך ניט אננעמען א מנחה פון אייערע הענד: 11 ווארין פון דעם אויפ־
געהן פון דיא זון ביז צו דעם אונטערגעהן וועט מיין נאמען גרויס זיין צווישען דיא
גוים, אונד אויף איטליכען ארט וועט מען מקריב זיין קטורת אונד א ריין קרבן מנחה

12 טְהוֹרָה כִּי־גָדוֹל שְׁמִי בַּגּוֹיִם אָמַר יְהוָה צְבָאוֹת׃ וְאַתֶּם
מְחַלְּלִים אוֹתוֹ בֶּאֱמָרְכֶם שֻׁלְחַן אֲדֹנָי מְגֹאָל הוּא וְנִיבוֹ
13 נִבְזֶה אָכְלוֹ׃ וַאֲמַרְתֶּם הִנֵּה מַתְּלָאָה וְהִפַּחְתֶּם אוֹתוֹ
אָמַר יְהוָה צְבָאוֹת וַהֲבֵאתֶם גָּזוּל וְאֶת־הַפִּסֵּחַ וְאֶת־
הַחוֹלֶה וַהֲבֵאתֶם אֶת־הַמִּנְחָה הַאֶרְצֶה אוֹתָהּ מִיֶּדְכֶם
14 אָמַר יְהוָה׃ וְאָרוּר נוֹכֵל וְיֵשׁ בְּעֶדְרוֹ זָכָר וְנֹדֵר וְזֹבֵחַ
מָשְׁחָת לַאדֹנָי כִּי מֶלֶךְ גָּדוֹל אָנִי אָמַר יְהוָה צְבָאוֹת
וּשְׁמִי נוֹרָא בַגּוֹיִם׃

## ב ב

2 א וְעַתָּה אֲלֵיכֶם הַמִּצְוָה הַזֹּאת הַכֹּהֲנִים׃ אִם־לֹא תִשְׁמְעוּ
וְאִם־לֹא תָשִׂימוּ עַל־לֵב לָתֵת כָּבוֹד לִשְׁמִי אָמַר יְהוָה
צְבָאוֹת וְשִׁלַּחְתִּי בָכֶם אֶת־הַמְּאֵרָה וְאָרוֹתִי אֶת־בִּרְכוֹתֵיכֶם
3 וְגַם אָרוֹתִיהָ כִּי אֵינְכֶם שָׂמִים עַל־לֵב׃ הִנְנִי גֹעֵר לָכֶם
אֶת־הַזֶּרַע וְזֵרִיתִי פֶרֶשׁ עַל־פְּנֵיכֶם פֶּרֶשׁ חַגֵּיכֶם וְנָשָׂא
4 אֶתְכֶם אֵלָיו׃ וִידַעְתֶּם כִּי שִׁלַּחְתִּי אֲלֵיכֶם אֵת הַמִּצְוָה
ה הַזֹּאת לִהְיוֹת בְּרִיתִי אֶת־לֵוִי אָמַר יְהוָה צְבָאוֹת׃ בְּרִיתִי ׀
הָיְתָה אִתּוֹ הַחַיִּים וְהַשָּׁלוֹם וָאֶתְּנֵם־לוֹ מוֹרָא וַיִּירָאֵנִי
6 וּמִפְּנֵי שְׁמִי נִחַת הוּא׃ תּוֹרַת אֱמֶת הָיְתָה בְּפִיהוּ וְעַוְלָה
לֹא־נִמְצָא בִשְׂפָתָיו בְּשָׁלוֹם וּבְמִישׁוֹר הָלַךְ אִתִּי וְרַבִּים
7 הֵשִׁיב מֵעָוֺן׃ כִּי־שִׂפְתֵי כֹהֵן יִשְׁמְרוּ־דַעַת וְתוֹרָה יְבַקְשׁוּ
8 מִפִּיהוּ כִּי מַלְאַךְ יְהוָה־צְבָאוֹת הוּא׃ וְאַתֶּם סַרְתֶּם מִן־
הַדֶּרֶךְ הִכְשַׁלְתֶּם רַבִּים בַּתּוֹרָה שִׁחַתֶּם בְּרִית הַלֵּוִי אָמַר
9 יְהוָה צְבָאוֹת׃ וְגַם־אֲנִי נָתַתִּי אֶתְכֶם נִבְזִים וּשְׁפָלִים לְכָל־
הָעָם כְּפִי אֲשֶׁר אֵינְכֶם שֹׁמְרִים אֶת־דְּרָכַי וְנֹשְׂאִים פָּנִים
י בַּתּוֹרָה׃ הֲלוֹא אָב אֶחָד לְכֻלָּנוּ הֲלוֹא אֵל אֶחָד בְּרָאָנוּ
11 מַדּוּעַ נִבְגַּד אִישׁ בְּאָחִיו לְחַלֵּל בְּרִית אֲבֹתֵינוּ׃ בָּגְדָה
יְהוּדָה וְתוֹעֵבָה נֶעֶשְׂתָה בְיִשְׂרָאֵל וּבִירוּשָׁלָ‍ִם כִּי ׀ חִלֵּל

צוּ מֵיין נָאמֶען, וָוארִין מֵיין נָאמֶען וֶועט זַיין גְרוֹיס צְוִוישֶׁען דִיא גוֹיִם, זָאגְט דֶער הַאר צְבָאוֹת׃ 12 אָבֶּער אִיהְר הָאט (מֵיין נָאמֶען) מְחַלֵּל גֶעוֶועזֶען, אִין דֶעם וָואס אִיהְר הָאט גֶעזָאגְט, דֶער טִישׁ פוּן דֶעם הַאר אִיז אֵיינְגֶערִיכְט, דָאס שְׁפֵּייז־אָפְּפֶער דֶערְפוּן אִיז פֶערְאַכְטֶעט׃ 13 אוּנְד אִיהְר זָאגְט אוֹיךְ, זֶעה, וָואס פַאר אַ מִיה דָאס אִיז! אוּנְד אִיהְר בְּלָאזְט עֶס אַוֶועק, זָאגְט דֶער הַאר צְבָאוֹת, אוּנְד אִיהְר בְּרֶענְגְט דָאס גֶערוֹיבְּטֶע, אוּנְד דָאס לָאמֶע, אוּנְד דָאס קְרַאנְקֶע, אוֹיף אַזַא אֵיין אוֹפָן בְּרֶענְגְט אִיהְר אַ קָרְבָּן מִנְחָה, אוּנְד זָאל אִיךְ דָאס אָנְנֶעמֶען פוּן אֵיירֶע הֶענְד? זָאגְט דֶער הַאר׃ 14 אָבֶּער פֶערְפְלוּכְט אִיז דֶער בֶּעטְרִיגֶער וָואס הָאט אִין זַיינֶע סְטַאדֶע אַ זָכָר, אוּנְד אִיז עֶס מְנַדֵר, אָבֶּער עֶר שֶׁעכְט אַ פֶערְדָארְבֶּענֶעם פַאר דֶעם הַאר, וָוארִין אִיךְ בִּין אַ גְרוֹיסֶער קֶענִיג, זָאגְט דֶער הַאר צְבָאוֹת, אוּנְד מֵיין נָאמֶען אִיז פָארְכְטֶערְלִיךְ צְוִוישֶׁען דִיא גוֹיִם׃

## קאפיטעל ב

1 אוּנְד אַצוּנְד אִיז צוּ אֵייךְ כֹּהֲנִים דִיא דָאזִיגֶע מִצְוָה׃ 2 וֶוען אִיהְר וֶועט עֶס נִיט וֶועלֶען הֶערֶען, אָדֶער וֶוען אִיהְר וֶועט עֶס נִיט צוּ הַארְץ נֶעמֶען, כְּדֵי צוּ גֶעבֶּען כָּבוֹד צוּ מֵיין נָאמֶען, זָאגְט דֶער הַאר צְבָאוֹת, אַזוֹי וֶועל אִיךְ אִיבֶּער אֵייךְ שִׁיקֶען דִיא קְלָלָה, אוּנְד אִיךְ וֶועל פֶערְשֶׁעלְטֶען אֵיירֶע בְּרָכוֹת, יוֹא, אִיךְ הָאבּ עֶס שׁוֹין אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ פֶערְשֶׁעלְטֶען וֵוייל אִיהְר טְהוּט עֶס נִיט צוּ הַארְץ נֶעמֶען׃ 3 זֶעה, אִיךְ וֶועל צוּ אֵייךְ פֶערְשֶׁעלְטֶען דֶעם זָאמֶען, אוּנְד אִיךְ וֶועל אוֹיסְשְׁטְרֵייעֶן מִיסְט אוֹיף אֵייעֶר פָּנִים, יוֹא, מִיסְט אוֹיף אֵיירֶע יָמִים טוֹבִים, אוּנְד מֶען וֶועט אֵייךְ אֲפִילוּ דֶערְצוּ אַהִינְטְרָאגֶען׃ 4 אוּנְד אִיהְר זָאלְט וִויסֶען אַז אִיךְ הָאבּ צוּ אֵייךְ גֶעשִׁיקְט דִיא דָאזִיגֶע מִצְוָה, כְּדֵי מֵיין בְּרִית זָאל זַיין מִיט לֵוִי, זָאגְט דֶער הַאר צְבָאוֹת׃ 5 מֵיין בְּרִית אִיז מִיט אִיהְם גֶעוֶועזֶען וֶועגֶען לֶעבֶּען אוּנְד שָׁלוֹם, אוּנְד אִיךְ הָאבּ דָאס צוּ אִיהְם גֶעגֶעבֶּען וֶועגֶען דֶער פָארְכְט וָואס זַייא זָאלֶען מִיךְ פָארְכְטֶען, אוּנְד וֶועגֶען מֵיין נָאמֶען אִיז עֶר דֶערְשְׁרָאקֶען׃ 6 דִיא תּוֹרָה פוּן אֱמֶת אִיז גֶעוֶועזֶען אִין זַיין מוֹיל, אוּנְד קֵיין אוּמְרֶעכְט אִיז נִיט גֶעפוּנֶען גֶעוָוארֶען אִין זַיינֶע לִיפֶּען, עֶר אִיז מִיט מִיר גֶעגַאנְגֶען בְּשָׁלוֹם אוּנְד מִיט אוֹיפְרִיכְטִיג־קֵייט, אוּנְד עֶר הָאט פִילֶע אַוֶועקְגֶעקֶעהְרְט פוּן אוּמְגֶערֶעכְטִיגְקֵייט׃ 7 וָוארִין דִיא לִיפֶּען פוּן דֶעם כֹּהֵן זָאלֶען הִיטֶען דִיא וִויסֶענְשַׁאפְט, אוּנְד דִיא תּוֹרָה זָאל מֶען פֶערְלַאנְגֶען (זוּכֶען) פוּן זַיין מוֹיל, וָוארִין עֶר אִיז אַ מַלְאָךְ פוּן דֶעם הַאר צְבָאוֹת׃ 8 אָבֶּער אִיהְר הָאט אֵייךְ אָפְּגֶעקֶעהְרְט פוּן דֶעם וֶועג, אוּנְד אִיהְר הָאט גֶעמַאכְט פִילֶע שְׁטְרוֹיכְלֶען אִין דֶער תּוֹרָה, אִיהְר הָאט פֶערְדָארְבֶּען דֶעם בְּרִית מִיט לֵוִי, זָאגְט דֶער הַאר צְבָאוֹת׃ 9 אַזוֹי וֶועל אִיךְ אֵייךְ אוֹיךְ מַאכֶען פַאר פֶערְאַכְטֶעטֶע אוּנְד נִידְרִיגֶע לֵייט צוּ דֶעם גַאנְצֶען פָאלְק, גְרָאד אַזוֹי וִויא אִיהְר הָאט נִיט גֶעהִיט מֵיינֶע וֶועגֶען, אוּנְד אִיהְר זֶענְט גֶעוֶועזֶען נוֹשֵׂא פָּנִים אִין דֶער תּוֹרָה׃ 10 הָאבֶּען מִיר דֶען נִיט אַלֶע אֵיין פָאטֶער? הָאט אוּנְס נִיט אַלֶע אֵיין גָאט בֶּעשַׁאפֶען? פַארְוָואס זֶענֶען מִיר פַאלְשׁ אֵיינֶער צוּם אַנְדֶערְן מְחַלֵּל צוּ זַיין דֶעם בְּרִית פוּן אוּנְזֶערֶע עֶלְטֶערְן? 11 יְהוּדָה הָאט גֶעפֶעלְשְׁט, אוּנְד אוּמְוֶוערְדִיגֶעס וֶוערְט גֶעטְהוּן אִין יִשְׂרָאֵל אוּנְד אִין יְרוּשָׁלַיִם, וָוארִין יְהוּדָה הָאט מְחַלֵּל גֶעוֶועזֶען

דיא

12 יְהוּדָה קֹדֶשׁ יְהוָה אֲשֶׁר אָהֵב וּבָעַל בַּת־אֵל נֵכָר׃ יַכְרֵת
יְהוָה לָאִישׁ אֲשֶׁר יַעֲשֶׂנָּה עֵר וְעֹנֶה מֵאָהֳלֵי יַעֲקֹב וּמַגִּישׁ
13 מִנְחָה לַיהוָה צְבָאוֹת׃ וְזֹאת שֵׁנִית תַּעֲשׂוּ כַּסּוֹת דִּמְעָה
אֶת־מִזְבַּח יְהוָה בְּכִי וַאֲנָקָה מֵאֵין עוֹד פְּנוֹת אֶל־הַמִּנְחָה
14 וְלָקַחַת רָצוֹן מִיֶּדְכֶם׃ וַאֲמַרְתֶּם עַל־מָה עַל כִּי־יְהוָה
הֵעִיד בֵּינְךָ וּבֵין ׀ אֵשֶׁת נְעוּרֶיךָ אֲשֶׁר אַתָּה בָּגַדְתָּה בָּהּ
טו וְהִיא חֲבֶרְתְּךָ וְאֵשֶׁת בְּרִיתֶךָ׃ וְלֹא־אֶחָד עָשָׂה וּשְׁאָר רוּחַ
לוֹ וּמָה הָאֶחָד מְבַקֵּשׁ זֶרַע אֱלֹהִים וְנִשְׁמַרְתֶּם בְּרוּחֲכֶם
16 וּבְאֵשֶׁת נְעוּרֶיךָ אַל־יִבְגֹּד׃ כִּי־שָׂנֵא שַׁלַּח אָמַר יְהוָה
אֱלֹהֵי יִשְׂרָאֵל וְכִסָּה חָמָס עַל־לְבוּשׁוֹ אָמַר יְהוָה צְבָאוֹת
17 וְנִשְׁמַרְתֶּם בְּרוּחֲכֶם וְלֹא תִבְגֹּדוּ׃ הוֹגַעְתֶּם יְהוָה
בְּדִבְרֵיכֶם וַאֲמַרְתֶּם בַּמָּה הוֹגָעְנוּ בֶּאֱמָרְכֶם כָּל־עֹשֵׂה
רָע טוֹב ׀ בְּעֵינֵי יְהוָה וּבָהֶם הוּא חָפֵץ אוֹ אַיֵּה אֱלֹהֵי
הַמִּשְׁפָּט׃

ג ג

א הִנְנִי שֹׁלֵחַ מַלְאָכִי וּפִנָּה־דֶרֶךְ לְפָנָי וּפִתְאֹם יָבוֹא אֶל־
הֵיכָלוֹ הָאָדוֹן ׀ אֲשֶׁר־אַתֶּם מְבַקְשִׁים וּמַלְאַךְ הַבְּרִית אֲשֶׁר
2 אַתֶּם חֲפֵצִים הִנֵּה־בָא אָמַר יְהוָה צְבָאוֹת׃ וּמִי מְכַלְכֵּל
אֶת־יוֹם בּוֹאוֹ וּמִי הָעֹמֵד בְּהֵרָאוֹתוֹ כִּי־הוּא כְּאֵשׁ מְצָרֵף
3 וּכְבֹרִית מְכַבְּסִים׃ וְיָשַׁב מְצָרֵף וּמְטַהֵר כֶּסֶף וְטִהַר אֶת־
בְּנֵי־לֵוִי וְזִקַּק אֹתָם כַּזָּהָב וְכַכָּסֶף וְהָיוּ לַיהוָה מַגִּישֵׁי מִנְחָה
4 בִּצְדָקָה׃ וְעָרְבָה לַיהוָה מִנְחַת יְהוּדָה וִירוּשָׁלָ͏ִם כִּימֵי
ה עוֹלָם וּכְשָׁנִים קַדְמֹנִיֹּת׃ וְקָרַבְתִּי אֲלֵיכֶם לַמִּשְׁפָּט וְהָיִיתִי ׀
עֵד מְמַהֵר בַּמְכַשְּׁפִים וּבַמְנָאֲפִים וּבַנִּשְׁבָּעִים לַשָּׁקֶר
וּבְעֹשְׁקֵי שְׂכַר־שָׂכִיר אַלְמָנָה וְיָתוֹם וּמַטֵּי־גֵר וְלֹא יְרֵאוּנִי
6 אָמַר יְהוָה צְבָאוֹת׃ כִּי אֲנִי יְהוָה לֹא שָׁנִיתִי וְאַתֶּם בְּנֵי־
7 יַעֲקֹב לֹא כְלִיתֶם׃ לְמִימֵי אֲבֹתֵיכֶם סַרְתֶּם מֵחֻקַּי וְלֹא

דיא הֵיילִיגְקֵייט פוּן דֶעם הַאר, ווייל עֶר הָאט גֶעלִיבְּט אוּנְד הָאט גֶעהֵייַראט אַ טָאכְטֶער פוּן אַ פְרֶעמְדֶען גָאט: 12 דֶער הַאר וֶועט פֶערְטִילְגֶען דֶעם מַאן וָואס וֶועט דָאס טְהוּן, דֶעם וָואס פְרֶעגְט אוּנְד דֶעם וָואס עֶנְטְפֶערְט פוּן דִיא גֶעצֶעלְטֶען פוּן יַעֲקֹב, אוּנְד דֶעם וָואס וֶועט גֶענֶעהְ־נֶען אַ קָרְבָּן מִנְחָה צוּ דֶעם הַאר צְבָאוֹת: 13 דָאס הָאט אִיהְר נָאכְאַמָאל גֶעטְהוּן, אִיהְר בֶּעדֶעקְט דֶעם מִזְבֵּחַ פוּן דֶעם הַאר מִיט טְרֶערֶען, גֶעוויין אוּנְד קְרֶעכְצֶען, אוּנְד דָאךְ ווִיל עֶר זִיךְ נִיט קֶעהְרֶען צוּ דֶער מִנְחָה, אוּנְד ווִיל עֶס נִיט אָנְנֶעמֶען פוּן אֵייעֶרֶע הֶענְד: 14 אָבֶּער אִיהְר זָאגְט פַארְוָואס? ווייל דֶער הַאר אִיז גֶעוֶועזֶען אֵיין עֵדוּת צְווִישֶׁען מִיר אוּנְד צְווִישֶׁען דֶעם ווייבּ פוּן דֵיינֶע יוּגֶענְד, דָאס דוּא הָאסְט קֶעגֶען אִיהְר פַאלְשׁ גֶעהַאנְדֶעלְט, אוּנְד דָאךְ אִיז זִיא דֵיינֶע חֲבֶרְתֶּה אוּנְד דָאס ווייבּ פוּן דֵיין בְּרִית: 15 הָאט עֶר דֶען נִיט (זֵייא) גֶעמַאכְט אֵיינְס, אוּנְד דִיא אִיבְּרִיגֶע רוּחוֹת גֶעהֶערֶען צוּ אִיהְם, אוּנְד פַארְוָואס אֵיינֶער? כְּדֵי עֶר זָאל זוּכֶען אַ גֶעטְלִיכֶען זָאמֶען, דָארִיבֶּער זָאלְט אִיהְר אֵייךְ הִיטֶען אִין אֵייעֶרֶע גֵייסְטֶער, אוּנְד הַאנְדֶעלְט נִיט פַאלְשׁ קֶעגֶען דֶעם ווייבּ פוּן דֵיינֶע יוּגֶענְד: 16 וָוארִין דֶער הַאר, דֶער גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל זָאגְט, דָאס עֶר הַאסְט דָאס אַוֶועקְשִׁיקֶען (גֵט גֶעבֶּען), אוּנְד דֶעם וָואס דֶעקְט צוּ רוֹיבֶּעֶרייא מִיט זֵיין קְלֵייד, זָאגְט דֶער הַאר צְבָאוֹת, דָארִיבֶּער זָאלְט אִיהְר אֵייךְ הִיטֶען אִין אֵייעֶרֶע גֵייסְטֶער, כְּדֵי אִיהְר זָאלְט נִיט פַאלְשׁ הַאנְדֶעלְן: 17 אִיהְר הָאט דֶעם הַאר מִיד גֶעמַאכְט מִיט אֵייעֶרֶע וֶוערְטֶער, אוּנְד דָאךְ זָאגְט אִיהְר, מִיט וָואס הָאבֶּען מִיר אִיהְם מִיד גֶעמַאכְט? מִיט דֶעם וָואס אִיהְר זָאגְט, אַז דֶער וָואס טְהוּט שְׁלֶעכְטְס, דָאס אִיז גוּט אִין דִיא אוֹיגֶען פוּן דֶעם הַאר, אוּנְד עֶר הָאט לוּסְט אִין זֵייא, אָדֶער, אַווְאוּ אִיז דֶער גָאט פוּן דֶעם מִשְׁפָּט?

קאפיטעל ג

1 זֶעהְט, אִיךְ וֶועל שִׁיקֶען מֵיין מַלְאָךְ, אוּנְד עֶר וֶועט צוּבְּרֵייטֶען דֶעם וֶועג פָאר מִיר, אוּנְד פְּלוּצְלוּנְג וֶועט קוּמֶען צוּ זֵיין טֶעמְפֶּעל דֶער הַאר וֶועמֶען אִיהְר זוּכְט, אוּנְד דֶער מַלְאָךְ הַבְּרִית וֶועמֶען אִיהְר בֶּעגֶעהְרְט, זֶעהְט, עֶר קוּמְט אָן, זָאגְט דֶער הַאר צְבָאוֹת: 2 אָבֶּער וֶוער וֶועט קֶענֶען אוֹיסְהַאלְטֶען דֶעם טָאג פוּן זֵיין אָנְקוּמֶען? אוּנְד וֶוער וֶועט קֶענֶען בֶּעשְׁטֶעהְן וֶוען עֶר וֶועט זִיךְ בֶּעווייזֶען? וָוארִין עֶר אִיז אַזוֹי ווִיא אַ זִילְבֶּער־שְׁמֶעלְצֶערְ׳ס פֵייעֶר, אוּנְד אַזוֹי ווִיא אַ וַואשֶׁערְס זֵייף: 3 אוּנְד עֶר וֶועט זִיצֶען אַזוֹי ווִיא אַ שְׁמֶעלְצֶער וָואס רֵייניגְט זִילְבֶּער, אוּנְד עֶר וֶועט רֵייניגֶען דִיא קִינְדֶער פוּן לֵוִי, אוּנְד עֶר וֶועט זֵייא לֵייטֶערְן אַזוֹי ווִיא גָאלְד אוּנְד זִילְבֶּער וֶוערְט גֶעלֵייטֶערְט, כְּדֵי זֵייא זָאלֶען מַקְרִיב זֵיין צוּ דֶעם הַאר אַ קָרְבָּן מִנְחָה מִיט גֶערֶעכְטִיגְקֵייט: 4 אוּנְד דֶערְנָאךְ וֶועלֶען דִיא קָרְבָּן מִנְחוֹת פוּן יְהוּדָה אוּנְד יְרוּשָׁלַיִם זֵיין אָנְגֶענֶעהְם צוּ דֶעם הַאר, אַזוֹי ווִיא אִין דִיא אַלְטֶע טֶעג אוּנְד אַזוֹי ווִיא אִין דִיא פְרִיהֶערִיגֶע יָאהְרֶען: 5 אוּנְד אִיךְ וֶועל מִיךְ צוּ אֵייךְ גֶענֶעהְנֶען צוּ דֶעם מִשְׁפָּט, אוּנְד אִיךְ וֶועל זֵיין אַ גֶעשְׁווִינְדֶער עֵדוּת קֶעגֶען דִיא מְכַשְּׁפִים, אוּנְד קֶעגֶען דִיא נוֹאֲפִים, אוּנְד קֶעגֶען דִיא וָואס שְׁוֶוערֶען פַאלְשׁ, אוּנְד קֶעגֶען דִיא וָואס רוֹיבֶּען דֶעם שְׂכַר פוּן אַ גֶעדוּנְגֶענֶעם, פוּן דִיא אַלְמָנָה אוּנְד דֶעם יָתוֹם, אוּנְד קֶעגֶען דֶעם וָואס נֵייגְט אָפּ (דָאס מִשְׁפָּט פוּן) דֶעם גֵר, אוּנְד עֶר ווִיל מִיךְ נִיט פָארְכְטֶען, זָאגְט דֶער הַאר צְבָאוֹת: 6 וָוארִין אִיךְ בִּין דֶער הַאר, אִיךְ פֶערֶענְדֶער מִיךְ נִיט, דָארִיבֶּער, אָ אִיהְר קִינְדֶער פוּן יַעֲקֹב, זֶענְט אִיהְר נִיט פֶערְטִילְגְט: 7 נָאךְ פוּן דִיא טֶעג פוּן אֵייעֶרֶע אָבוֹת אָן הָאט אִיהְר אֵייךְ אָפְּגֶעקֶעהְרְט פוּן מֵיינֶע גֶעזֶעץ, אוּנְד אִיהְר הָאט זֵייא נִיט גֶעהִיט, דָארוּם קֶעהְרְט
אייך

שְׁמַרְתֶּם שׁוּבוּ אֵלַי וְאָשׁוּבָה אֲלֵיכֶם אָמַר יְהוָֹה צְבָאוֹת
8 וַאֲמַרְתֶּם בַּמֶּה נָשׁוּב׃ הֲיִקְבַּע אָדָם אֱלֹהִים כִּי אַתֶּם
קֹבְעִים אֹתִי וַאֲמַרְתֶּם בַּמֶּה קְבַעֲנוּךָ הַמַּעֲשֵׂר וְהַתְּרוּמָה׃
9 בַּמְּאֵרָה אַתֶּם נֵאָרִים וְאֹתִי אַתֶּם קֹבְעִים הַגּוֹי כֻּלּוֹ׃ הָבִיאוּ
אֶת־כָּל־הַמַּעֲשֵׂר אֶל־בֵּית הָאוֹצָר וִיהִי טֶרֶף בְּבֵיתִי וּבְחָנוּנִי
נָא בָּזֹאת אָמַר יְהוָֹה צְבָאוֹת אִם־לֹא אֶפְתַּח לָכֶם אֵת
11 אֲרֻבּוֹת הַשָּׁמַיִם וַהֲרִיקֹתִי לָכֶם בְּרָכָה עַד־בְּלִי־דָי׃ וְגָעַרְתִּי
לָכֶם בָּאֹכֵל וְלֹא־יַשְׁחִת לָכֶם אֶת־פְּרִי הָאֲדָמָה וְלֹא־
12 תְשַׁכֵּל לָכֶם הַגֶּפֶן בַּשָּׂדֶה אָמַר יְהוָֹה צְבָאוֹת׃ וְאִשְּׁרוּ
אֶתְכֶם כָּל־הַגּוֹיִם כִּי־תִהְיוּ אַתֶּם אֶרֶץ חֵפֶץ אָמַר יְהוָֹה
13 צְבָאוֹת׃ חָזְקוּ עָלַי דִּבְרֵיכֶם אָמַר יְהוָֹה וַאֲמַרְתֶּם
14 מַה־נִּדְבַּרְנוּ עָלֶיךָ׃ אֲמַרְתֶּם שָׁוְא עֲבֹד אֱלֹהִים וּמַה־
בֶּצַע כִּי שָׁמַרְנוּ מִשְׁמַרְתּוֹ וְכִי הָלַכְנוּ קְדֹרַנִּית מִפְּנֵי יְהוָֹה
טו צְבָאוֹת׃ וְעַתָּה אֲנַחְנוּ מְאַשְּׁרִים זֵדִים גַּם־נִבְנוּ עֹשֵׂי
16 רִשְׁעָה גַּם בָּחֲנוּ אֱלֹהִים וַיִּמָּלֵטוּ׃ אָז נִדְבְּרוּ יִרְאֵי יְהוָֹה
אִישׁ אֶל־רֵעֵהוּ וַיַּקְשֵׁב יְהוָֹה וַיִּשְׁמָע וַיִּכָּתֵב סֵפֶר זִכָּרוֹן
17 לְפָנָיו לְיִרְאֵי יְהוָֹה וּלְחֹשְׁבֵי שְׁמוֹ׃ וְהָיוּ לִי אָמַר יְהוָֹה
צְבָאוֹת לַיּוֹם אֲשֶׁר אֲנִי עֹשֶׂה סְגֻלָּה וְחָמַלְתִּי עֲלֵיהֶם
18 כַּאֲשֶׁר יַחְמֹל אִישׁ עַל־בְּנוֹ הָעֹבֵד אֹתוֹ׃ וְשַׁבְתֶּם וּרְאִיתֶם
19 בֵּין צַדִּיק לְרָשָׁע בֵּין עֹבֵד אֱלֹהִים לַאֲשֶׁר לֹא עֲבָדוֹ׃ כִּי
הִנֵּה הַיּוֹם בָּא בֹּעֵר כַּתַּנּוּר וְהָיוּ כָל־זֵדִים וְכָל־עֹשֵׂה
רִשְׁעָה קַשׁ וְלִהַט אֹתָם הַיּוֹם הַבָּא אָמַר יְהוָֹה צְבָאוֹת
כ אֲשֶׁר לֹא־יַעֲזֹב לָהֶם שֹׁרֶשׁ וְעָנָף׃ וְזָרְחָה לָכֶם יִרְאֵי שְׁמִי
שֶׁמֶשׁ צְדָקָה וּמַרְפֵּא בִּכְנָפֶיהָ וִיצָאתֶם וּפִשְׁתֶּם כְּעֶגְלֵי
21 מַרְבֵּק׃ וְעַסּוֹתֶם רְשָׁעִים כִּי־יִהְיוּ אֵפֶר תַּחַת כַּפּוֹת
22 רַגְלֵיכֶם בַּיּוֹם אֲשֶׁר אֲנִי עֹשֶׂה אָמַר יְהוָֹה צְבָאוֹת׃ זִכְרוּ
תּוֹרַת מֹשֶׁה עַבְדִּי אֲשֶׁר צִוִּיתִי אוֹתוֹ בְחֹרֵב עַל־כָּל־יִשְׂרָאֵל

אֵייךְ צוּרִיק צוּ מִיר אַזוֹי וֶועל אִיךְ מִיךְ צוּ אֵייךְ אוּמְקֶעהְרֶען, זָאגְט דֶער הַאר צְבָאוֹת, אָבֶּער אִיהְר זָאגְט, מִיט וָואס זָאלֶען מִיר צוּרִיקְקֶעהְרֶען? 8 זָאל אַ מֶענְשׁ גָאט רוֹיבֶּען? דָאךְ הָאט אִיהְר מִיךְ בֶּערוֹיבְּט, אָבֶּער אִיהְר זָאגְט, מִיט וָואס הָאבֶּען מִיר דִיךְ בֶּערוֹיבְּט? מִיט דִיא מַעֲשְׂרוֹת אוּנְד דִיא תְּרוּמוֹת? 9 אִיהְר זֶענְט פֶערְפְלוּכְט מִיט אַ קְלָלָה, וָוארִין אִיהְר הָאט מִיךְ בֶּערוֹיבְּט, אַפִּילוּ דָאס גַאנְצֶע פָאלְק: 10 בְּרֶענְגְט אַרֵיין אַלֶע מַעֲשְׂרוֹת צוּ דֶעם אוֹצָר הוֹיז, כְּדֵי עֶס זָאל זֵיין שְׁפֵּייז אִין מֵיין הוֹיז, אוּנְד פְּרוּפְט מִיךְ מִיט דֶעם דָאזִיגֶען, זָאגְט דֶער הַאר צְבָאוֹת, אוֹיבּ אִיךְ וֶועל נִיט אוֹיפְמַאכֶען צוּ אֵייךְ דִיא פֶענְסְטֶער פוּן דֶעם הִימֶעל, אוּנְד אִיךְ וֶועל אוֹיסְגִיסֶען צוּ אֵייךְ אַ בְּרָכָה בִּיז עֶס וֶועט זֵיין מֶעהְר וִויא גֶענוּג: 11 אוּנְד אִיךְ וֶועל וֶועגֶען אֵייךְ אָנְשְׁרֵייעֶן דֶעם אוֹיפְעֶסֶער, אַז עֶר זָאל נִיט פַאר אֵייךְ פֶערְדַארְבֶּען דִיא פֵּירוֹת פוּן דֶעם לַאנְד, אוּנְד דָאס דֶער וויינְשְׁטָאק זָאל נִיט פַאר אֵייךְ פֶערְוַוארְפֶען דִיא אוּנְצֵייטִיגֶע טְרוֹיבֶּען אוֹיף דֶעם פֶעלְד, זָאגְט דֶער הַאר צְבָאוֹת: 12 אוּנְד אַלֶע פֶעלְקֶער וֶועלֶען אֵייךְ אָנְרוּפֶען גְלִיקְלִיךְ (אָדֶער גֶעבֶּענְשְׁט), וָוארִין אִיהְר וֶועט זֵיין אִין אַ לוּסְטִיגֶען לַאנְד, זָאגְט דֶער הַאר צְבָאוֹת: 13 אֵיירֶע וֶוערְטֶער זֶענֶען גֶעוֶועזֶען שְׁטַארְק קֶעגֶען מִיר, זָאגְט דֶער הַאר, אָבֶּער אִיהְר זָאגְט, וָואס הָאבֶּען מִיר קֶעגֶען דִיר גֶערֶעט? 14 אִיהְר הָאט גֶעזָאגְט, וָואס טוֹיג עֶס גָאט צוּ דִינֶען, אוּנְד וָואס הֶעלֶען מִיר גֶעוואוּנֶען וֶוען מִיר וֶועלֶען הִיטֶען זֵיינֶע הִיטוּנְג, אוּנְד וֶוען מִיר גֶעהֶען אַרוּם פֶערְשְׁוַוארְצְט פָאר דֶעם הַאר צְבָאוֹת: 15 אָבֶּער אַצוּנְד רוּפֶען מִיר דִיא שְׁטָאלְצֶע גְלִיקְלִיךְ, יוֹא, אַפִּילוּ דִיא וָואס וֶוערֶען אוֹיפְגֶעבּוֹיעֶט טְהוּן רִשְׁעוֹת, אוֹיךְ דִיא וָואס פְּרִיפֶען גָאט וֶוערֶען אַנְטְרוּנֶען: 16 דֶענְסְמָאל הָאבֶּען דִיא וָואס פָארְכְטֶען דֶעם הַאר גֶערֶעט אֵיינֶער מִיט דֶעם אַנְדֶערְן, אוּנְד דֶער הַאר הָאט עֶס פֶערְנוּמֶען אוּנְד עֶר הָאט עֶס גֶעהֶערְט, אוּנְד עֶס אִיז אֵיינְגֶעשְׁרִיבֶּען גֶעוָוארֶען אִין דֶעם סֵפֶר זִכָּרוֹן, פַאר דִיא וָואס הָאבֶּען מוֹרָא פָאר דֶעם הַאר, אוּנְד וָואס טְרַאכְטֶען אוֹיף זֵיין נָאמֶען: 17 אוּנְד זֵייא וֶועלֶען מֵיין זֵיין, זָאגְט דֶער הַאר צְבָאוֹת, אִין דֶעם טָאג וֶוען אִיךְ וֶועל (זֵייא) מַאכֶען מֵיין אֵיינְגֶענְטְהוּם, אוּנְד אִיךְ וֶועל מִיךְ אִיבֶּער זֵייא דֶערְבַּארְמֶען, אַזוֹי וִויא אֵיינֶער דֶערְבַּארְמְט זִיךְ אִיבֶּער זֵיין זוּהְן וָואס דִינְט אִיהְם: 18 אוּנְד אִיהְר וֶועט אֵייךְ אוּמְקֶעהְרֶען אוּנְד אֵיינְזֶעהֶען צְווִישֶׁען דֶעם צַדִּיק אוּנְד דֶעם רָשָׁע, צְווִישֶׁען דֶעם וָואס דִינְט גָאט, אוּנְד דֶער וָואס דִינְט אִיהְם נִיט: 19 וָוארִין זֶעהְט, דֶער טָאג קוּמְט אָן, וָואס וֶועט בְּרֶענֶען אַזוֹי וִויא אֵיין אוֹיבֶען, אוּנְד אַלֶע שְׁטָאלְצֶע אוּנְד אַלֶע וָואס טְהוּן שְׁלֶעכְטֶעס וֶועלֶען זֵיין אַזוֹי וִויא שְׁטְרוֹיא, אוּנְד דֶער טָאג וָואס קוּמְט אָן וֶועט זֵייא פֶערְבְּרֶענֶען, זָאגְט דֶער הַאר צְבָאוֹת, דָאס עֶס וֶועט צוּ זֵייא נִיט אִיבֶּערְלָאזֶען אַ וָוארְצֶעל אָדֶער אַ צְוֵוייג: 20 אָבֶּער אִיבֶּער אֵייךְ וָואס אִיהְר פָארְכְט מֵיין נָאמֶען וֶועט שֵׁיינֶען דִיא זוּן פוּן גֶערֶעכְטִיגְקֵייט, אוּנְד מִיט הֵיילוּנְג אִין אִיהְרֶע פְלִיגֶעל, אוּנְד אִיהְר וֶועט אַרוֹיסְגֶעהְן אוּנְד פֶעט וֶוערֶען אַזוֹי וִויא דִיא קֶעלְבֶּער אִין דֶעם שְׁטַאל: 21 אוּנְד אִיהְר וֶועט צוּטְרֶעטֶען דִיא רְשָׁעִים אוּנְטֶער אֵיירֶע פִּיס, אִין דֶעם טָאג וָואס אִיךְ וֶועל מַאכֶען, זָאגְט דֶער הַאר צְבָאוֹת: 22 גֶעדֶענְקְט דִיא תּוֹרָה פוּן מֵיין קְנֶעכְט מֹשֶׁה, וָואס אִיךְ הָאבּ אִיהְם גֶעבָּאטֶען אִין חוֹרֵב פַאר גַאנְץ יִשְׂרָאֵל,

מִיט דִיא גֶעזֶעץ אוּנְד מִשְׁפָּטִים: 23 זֶעהְט,
אִיךְ שִׁיק צוּ אֵייךְ אֵלִיָהוּ הַנָבִיא, פָאר
דְעם גְרוֹיסֶען אוּנְד פָארְכְטֶערְלִיכֶען טָאג
פוּן דֶעם הַאר: 24 אוּנְד עֶר וֶועט
אוּמְקֶעהְרֶען דָאס הַארְץ פוּן דִיא אָבוֹת
צוּ דִיא קִינְדֶער, אוּנְד דָאס הַארְץ פוּן דִיא
קִינְדֶער צוּ זֵייעֶרֶע אָבוֹת, כְּדֵי אִיךְ זָאל נִיט
קוּמֶען אוּנְד שְׁלָאגֶען דִיא עֶרְד מִיט אַ
חֵרֶם:

חזק

חֻקִּים וּמִשְׁפָּטִים: הִנֵּה אָנֹכִי שֹׁלֵחַ לָכֶם אֵת אֵלִיָּה הַנָּבִיא 23
לִפְנֵי בּוֹא יוֹם יְהוָה הַגָּדוֹל וְהַנּוֹרָא: וְהֵשִׁיב לֵב־אָבוֹת 24
עַל־בָּנִים וְלֵב בָּנִים עַל־אֲבוֹתָם פֶּן־אָבוֹא וְהִכֵּיתִי אֶת־
הָאָרֶץ חֵרֶם: • פ״ב

הנה אנכי שלח לכם את אליה הנביא לפני בוא יום
יהוה הגדול והנורא:

י׳ת׳ק׳ק׳ סימן

# חזק

## סכום פסוקי תרי עשר

הושע מאה ותשעים ושבעה: ורגלך לא בצקה סימן.
יואל שבעים ושלשה: שלחו מגל סימן.
עמוס מאה וארבעים וששה: קמו בניה סימן.
עובדיה עשרים ואחד: אך טוב לישראל סימן.
יונה ארבעים ושמונה: ישראל עושה חיל סימן.
מיכה מאה וחמשה: עלה אלהים בתרועה סימן.
נחום ארבעה ושבעה: יזל מים סימן.
חבקוק חמשים וששה: ולך תהיה צדקה סימן.
צפניה חמשים ושלשה: גן נעול סימן.
חגי שלשים ושמונה: כי אם גלה סודו סימן.
זכריה מאתים ואחד עשר: אשרי כל ירא י״י סימן.
מלאכי חמשים וחמשה: ויעקב הלך לדרכו סימן:
סכום הפסוקים של כל שנים עשר נביאים אלף וחמשים כי שרית
עם אלהים סימן. וחציו. לכן בגללכם ציון שדה תחרש. וסדריו
עשרים ואחד. ולכבוד אהיה בתוכה סימן:

אַללע פסוקים פֿון הושע זענען הונדערט אונד זיבען אונד נײַנציג:
" " יואל דרייא אונד זיבעציג:
" " עמוס הונדערט אונד זעכס אונד פֿירציג:
" " עובדיה איין אונד צוואנציג:
" " יונה אַכט אונד פֿירציג:
" " מיכה הונדערט אונד פֿינף:
" " נחום זיבען אונד פֿירציג:
" " חבקוק זעכס אונד פֿופֿציג:
" " צפניה דרייא אונד פֿופֿציג:
" " חגי אַכט אונד דרייסיג:
" " זכריה צווייא הונדערט אונד עלף:
" " מלאכי פֿינף אונד פֿופֿציג:

אַללע פסוקים פֿון תרי עשר זענען איין טויזענד אונד פֿופֿציג; דיא העלפֿט דאפֿון איז מיכה קאפיטעל ג׳, י״ב; אונד האט אים גאנצען זיבען אונד זעכציג קאפיטעל:

# כתובים

## תהלים

משלי

איוב

שיר השירים

רות

איכה

קהלת

אסתר

דניאל

עזרא

נחמיה

דברי הימים א

דברי הימים ב

# תהלים

## ספר ראשון

אַשְׁרֵי הָאִישׁ אֲשֶׁר לֹא הָלַךְ בַּעֲצַת רְשָׁעִים וּבְדֶרֶךְ א
חַטָּאִים לֹא עָמָד וּבְמוֹשַׁב לֵצִים לֹא יָשָׁב׃ כִּי אִם־בְּתוֹרַת 2
יְהֹוָה חֶפְצוֹ וּבְתוֹרָתוֹ יֶהְגֶּה יוֹמָם וָלָיְלָה׃ וְהָיָה כְּעֵץ 3
שָׁתוּל עַל־פַּלְגֵי מָיִם אֲשֶׁר פִּרְיוֹ ׀ יִתֵּן בְּעִתּוֹ וְעָלֵהוּ לֹא
יִבּוֹל וְכֹל אֲשֶׁר־יַעֲשֶׂה יַצְלִיחַ׃ לֹא כֵן הָרְשָׁעִים כִּי אִם־ 4
כַּמֹּץ אֲשֶׁר־תִּדְּפֶנּוּ רוּחַ׃ עַל־כֵּן ׀ לֹא־יָקֻמוּ רְשָׁעִים בַּמִּשְׁפָּט ה
וְחַטָּאִים בַּעֲדַת צַדִּיקִים׃ כִּי־יוֹדֵעַ יְהֹוָה דֶּרֶךְ צַדִּיקִים 6
וְדֶרֶךְ רְשָׁעִים תֹּאבֵד׃

1 גֶעבֶּענְשְׁט אִיז דֶער מֶענְשׁ וָואס גֶעהְט נִיט אִין דֶער עֵצָה פוּן דִיא רְשָׁעִים, אוּנְד וָואס שְׁטֶעהְט נִיט אוֹיף דֶעם וֶועג פוּן דִיא זִינְדֶער, אוּנְד וָואס זִיצְט נִיט אַזְוֹא דִיא שְׁפֶּעטֶער זִיצֶען: 2 נֵייעֶרְט עֶר הָאט זַיינֶע לוּסְט צוּ דֶער תּוֹרָה פוּן גָאט, אוּנְד דֶענְקְט טָאג אוּנְד נַאכְט אִין זַיינֶער תּוֹרָה: 3 דֶער וֶועט זַיין וִויא אַ בּוֹים וָואס אִיז גֶעפְּלַאנְצְט בֵּייא וַואסֶער טֵייכֶען, וָואס גֶעט זַיינֶע פְרוּכְט אִין זַיינֶע צֵייט, אוּנְד וָואס זַיין בְּלַאט וֶוערְט נִיט פֶערְוֶועלְקְט, אוּנְד אַלֶעס וָואס עֶר וֶועט טְהוּן וֶועט בֶּעגְלִיקֶען: 4 אָבֶּער דִיא רְשָׁעִים זֶענֶען נִיט אַזוֹי, נֵייעֶרְט אַזוֹי וִויא פְּלַאוְוי וָואס דֶער ווִינְד פֶערְשְׁטוֹיסְט: 5 דָארוּם וֶועלֶען דִיא רְשָׁעִים נִיט קֶענֶען בֶּעשְׁטֶעהְן אִין דֶעם מִשְׁפָּט, אוּנְד דִיא זִינְדֶער אִין דֶער גֶעמֵיינְדֶע פוּן דִיא צַדִּיקִים: 6 וָוארִין דֶער הַאר ווייסְט דֶעם וֶועג פוּן דִיא צַדִּיקִים, אָבֶּער דֶער וֶועג פוּן דִיא רְשָׁעִים וֶועט פֶערְלוֹירֶען וֶוערֶען:

## ב

לָמָּה רָגְשׁוּ גוֹיִם וּלְאֻמִּים יֶהְגּוּ־רִיק׃ יִתְיַצְּבוּ ׀ מַלְכֵי־אֶרֶץ א 2
וְרוֹזְנִים נוֹסְדוּ־יָחַד עַל־יְהֹוָה וְעַל־מְשִׁיחוֹ׃ נְנַתְּקָה אֶת־ 3
מוֹסְרוֹתֵימוֹ וְנַשְׁלִיכָה מִמֶּנּוּ עֲבֹתֵימוֹ׃ יוֹשֵׁב בַּשָּׁמַיִם 4
יִשְׂחָק אֲדֹנָי יִלְעַג־לָמוֹ׃ אָז יְדַבֵּר אֵלֵימוֹ בְאַפּוֹ וּבַחֲרוֹנוֹ ה
יְבַהֲלֵמוֹ׃ וַאֲנִי נָסַכְתִּי מַלְכִּי עַל־צִיּוֹן הַר־קָדְשִׁי׃ אֲסַפְּרָה 6 7
אֶל חֹק יְהֹוָה אָמַר אֵלַי בְּנִי אַתָּה אֲנִי הַיּוֹם יְלִדְתִּיךָ׃
שְׁאַל מִמֶּנִּי וְאֶתְּנָה גוֹיִם נַחֲלָתֶךָ וַאֲחֻזָּתְךָ אַפְסֵי־אָרֶץ׃ 8
תְּרֹעֵם בְּשֵׁבֶט בַּרְזֶל כִּכְלִי יוֹצֵר תְּנַפְּצֵם׃ וְעַתָּה מְלָכִים 9
הַשְׂכִּילוּ הִוָּסְרוּ שֹׁפְטֵי אָרֶץ׃ עִבְדוּ אֶת־יְהֹוָה בְּיִרְאָה 11
וְגִילוּ בִּרְעָדָה׃ נַשְּׁקוּ־בַר פֶּן־יֶאֱנַף ׀ וְתֹאבְדוּ דֶרֶךְ כִּי־ 12
יִבְעַר כִּמְעַט אַפּוֹ אַשְׁרֵי כָּל־חוֹסֵי בוֹ׃

### תהלים ב

1 וָוארוּם שְׁטוּרְמֶען דִיא פֶעלְקֶער, אוּנְד דִיא אוּמוֹת טְרַאכְטֶען לֶערְקֵייט? 2 דִיא מְלָכִים פוּן דֶער עֶרְד הָאבֶּען זִיךְ אוֹיפְגֶעשְׁטֶעלְט, אוּנְד דִיא רָאט־הַערֶען הָאבֶּען זִיךְ מִיט אֵיין אַנְדֶער בֶּערָאטֶען קֶעגֶען דֶעם הַאר אוּנְד קֶעגֶען זַיין מָשִׁיחַ: 3 לָאמֶער צֶערְרֵייסֶען זַיינֶע בִּינְד־רִימֶען, אוּנְד מִיר וֶועלֶען פוּן אוּנְס אַוֶועקְוַוארְפֶען זַיינֶע שְׁטְרִיק: 4 אָבֶּער דֶער וָואס זִיצְט אִין דֶעם הִימֶעל לַאכְט, דֶער הַאר שְׁפָּאט פוּן זֵייא: 5 דֶענְסְמָאל וֶועט עֶר צוּ זֵייא רֶעדֶען אִין זַיין צָארְן, אוּנְד עֶר וֶועט זֵייא דֶערְשְׁרֶעקֶען מִיט זַיין גְרִימְצָארְן: 6 אָבֶּער אִיךְ הָאבּ אֵיינְגֶעזֶעצְט מֵיין קֶענִיג אוֹיף מֵיין הֵיילִיגֶען בַּארְג צִיּוֹן: 7 אִיךְ וֵועל עֶס דֶערְצֶעהְלֶען אַלְס אַ גֶעזֶעץ, דֶער הַאר הָאט צוּ מִיר גֶעזָאגְט, דוּא בִּיסְט מֵיין זוּהְן, הֵיינְט הָאבּ אִיךְ דִיךְ גֶעבּוֹירֶען: 8 פֶערְלַאנְג פוּן מִיר, אַזוֹי וֶועל אִיךְ דִיר גֶעבֶּען גוֹיִם אַלְס דֵיינֶע נַחֲלָה, אוּנְד דִיא עֶקֶען פוּן דֶער עֶרְד אַלְס דַיין בֶּעזִיץ: 9 דוּא וֶועסְט זֵייא צוּבְּרֶעכֶען מִיט אַן אֵייזֶערְנֶע רוּט, אַזוֹי וִויא אַ טֶעפֶּער'ס כְּלִי וֶועסְט דוּא זֵייא צֶערְשְׁלָאגֶען: 10 אָבֶּער אַצוּנְד זֵייט קְלוּג, אִיהְר קֶענִיגֶע, אוּנְד לָאזְט אֵייךְ וָוארֶענֶען אִיהְר שׁוֹפְטִים פוּן דֶער עֶרְד: 11 דִינְט דֶעם הַאר מִיט פוּרְכְט, אוּנְד פְרֵייעֶט אֵייךְ מִיט צִיטֶערְן: 12 קִישְׁט דֶעם זוּהְן, טָאמֶער וֶועט עֶר צָארְנֶען אוּנְד אִיהְר וֶועט אוּמְקוּמֶען אוֹיף דֶעם וֶועג, וָוארִין זַיין צָארְן וֶועט בַּאלְד אָנְבְּרֶענֶען, אָבֶּער גֶעבֶּענְשְׁט זֶענֶען אַלֶע וָואס בֶּעשִׁיצֶען זִיךְ אִין אִיהְם:

ג

ג

2 א מִזְמוֹר לְדָוִד בְּבָרְחוֹ מִפְּנֵי ׀ אַבְשָׁלוֹם בְּנוֹ׃ יְהוָה מָה־
3 רַבּוּ צָרָי רַבִּים קָמִים עָלָי׃ רַבִּים אֹמְרִים לְנַפְשִׁי אֵין
4 יְשׁוּעָתָה לּוֹ בֵאלֹהִים סֶלָה׃ וְאַתָּה יְהוָה מָגֵן בַּעֲדִי כְּבוֹדִי
ה וּמֵרִים רֹאשִׁי׃ קוֹלִי אֶל־יְהוָה אֶקְרָא וַיַּעֲנֵנִי מֵהַר קָדְשׁוֹ
6 סֶלָה׃ אֲנִי שָׁכַבְתִּי וָאִישָׁנָה הֱקִיצוֹתִי כִּי יְהוָה יִסְמְכֵנִי׃
7 8 לֹא־אִירָא מֵרִבְבוֹת עָם אֲשֶׁר סָבִיב שָׁתוּ עָלָי׃ קוּמָה
יְהוָה ׀ הוֹשִׁיעֵנִי אֱלֹהַי כִּי־הִכִּיתָ אֶת־כָּל־אֹיְבַי לֶחִי שִׁנֵּי
9 רְשָׁעִים שִׁבַּרְתָּ׃ לַיהוָה הַיְשׁוּעָה עַל־עַמְּךָ בִרְכָתֶךָ סֶּלָה׃

ד

ד

2 א לַמְנַצֵּחַ בִּנְגִינוֹת מִזְמוֹר לְדָוִד׃ בְּקָרְאִי עֲנֵנִי ׀ אֱלֹהֵי צִדְקִי
3 בַּצָּר הִרְחַבְתָּ לִּי חָנֵּנִי וּשְׁמַע תְּפִלָּתִי׃ בְּנֵי־אִישׁ עַד־מֶה
4 כְבוֹדִי לִכְלִמָּה תֶּאֱהָבוּן רִיק תְּבַקְשׁוּ כָזָב סֶלָה׃ וּדְעוּ
ה כִּי־הִפְלָה יְהוָה חָסִיד לוֹ יְהוָה יִשְׁמַע בְּקָרְאִי אֵלָיו׃ רִגְזוּ
וְאַל־תֶּחֱטָאוּ אִמְרוּ בִלְבַבְכֶם עַל־מִשְׁכַּבְכֶם וְדֹמּוּ סֶלָה׃
6 7 זִבְחוּ זִבְחֵי־צֶדֶק וּבִטְחוּ אֶל־יְהוָה׃ רַבִּים אֹמְרִים מִי־יַרְאֵנוּ
8 טוֹב נְסָה־עָלֵינוּ אוֹר פָּנֶיךָ יְהוָה׃ נָתַתָּה שִׂמְחָה בְלִבִּי
9 מֵעֵת דְּגָנָם וְתִירוֹשָׁם רָבּוּ׃ בְּשָׁלוֹם יַחְדָּו אֶשְׁכְּבָה וְאִישָׁן
כִּי־אַתָּה יְהוָה לְבָדָד לָבֶטַח תּוֹשִׁיבֵנִי׃

ה

ה

2 א לַמְנַצֵּחַ אֶל־הַנְּחִילוֹת מִזְמוֹר לְדָוִד׃ אֲמָרַי הַאֲזִינָה ׀ יְהוָה
3 בִּינָה הֲגִיגִי׃ הַקְשִׁיבָה ׀ לְקוֹל שַׁוְעִי מַלְכִּי וֵאלֹהָי כִּי־אֵלֶיךָ
4 אֶתְפַּלָּל׃ יְהוָה בֹּקֶר תִּשְׁמַע קוֹלִי בֹּקֶר אֶעֱרָךְ־לְךָ וַאֲצַפֶּה׃
ה 6 כִּי ׀ לֹא אֵל חָפֵץ רֶשַׁע ׀ אָתָּה לֹא יְגֻרְךָ רָע׃ לֹא־יִתְיַצְּבוּ
7 הוֹלְלִים לְנֶגֶד עֵינֶיךָ שָׂנֵאתָ כָּל־פֹּעֲלֵי אָוֶן׃ תְּאַבֵּד דֹּבְרֵי
8 כָזָב אִישׁ־דָּמִים וּמִרְמָה יְתָעֵב ׀ יְהוָה׃ וַאֲנִי בְּרֹב חַסְדְּךָ
9 אָבוֹא בֵיתֶךָ אֶשְׁתַּחֲוֶה אֶל־הֵיכַל קָדְשְׁךָ בְּיִרְאָתֶךָ׃ יְהוָה ׀

## תהלים ג

1 אַ געזאַנג פון דָוִד װען ער איז אַנט־לאָפען פון זיין זוהן אַבְשָׁלוֹם: 2 אָ האַר, װיא פיל זענען מיינע בעלײדיגער, פילע שטעהען אויף קעגען מיר: 3 פילע זאָגען צו מיינע זעלע, עס איז ניט פערהאַנדען קיינע הילף פאַר איהם ביי גאָט, סֶלָה: 4 אָבער דוא האַר, ביזט מיין שילד אונד דער דערהעבער פון מיין קאָפּ: 5 מיט מיין קול רוף איך צו דעם האַר, אונד ער ענטפערט מיר פון זיין הייליגען באַרג, סֶלָה: 6 איך לעג מיך אַנידער אונד שלאָף איין, איך װאַך װידער אויף, װאָרין דער האַר לעהנט מיך אונטער: 7 איך האָב קיין מוֹרָא ניט פאַר צעהן טויזענד פון דעם פאָלק װאָס טהון זיך אַרומרינגלען איבער מיר: 8 שטעה אויף אָ האַר, העלף מיר אָ מיין גאָט! װאָרין דוא האָסט געשלאָגען אַלע מיינע פיינד אויף דעם קינבאַקען, דיא ציין פון דיא רְשָׁעִים האָסט דוא צובראָכען: 9 צו דעם האַר געהערט דיא הילף, דיינע בְּרָכָה איז אויף דיין פאָלק, סֶלָה:

## תהלים ד

1 צו דעם זינגער אויף נְגִינוֹת—אַ געזאַנג פון דָוִד: 2 װען איך רוף ענטפער מיר, אָ האַר פון מיינע גערעכטיגקייט, װען עס איז מיר ענג אַזוי דערװייטער מיך, זייא מיר גנעדיג, אונד דערהער מיין געבעט; 3 אוי איהר מענשענקינדער, װיא לאַנג נאָך װעט איהר מיין כָּבוֹד שענדען, אונד װעט ליבען לעדיגעס, אונד זוכען ליגען, סֶלָה: 4 איהר זאָלט אָבער װיסען אַז דער האַר האָט צו זיך אָפּגעשייט דעם הייליגען, דער האַר װעט הערען װען איך װעל צו איהם רופען: 5 ציטערט, אָבער זינדיגט ניט, טראַכט אין אייערע הערצער אויף אייער געלעגער, אונד זייט שטיל, סֶלָה: 6 זייט מַקְרִיב גערעכטע קָרְבָּנוֹת, אונד פערטרויעט אויף דעם האַר: 7 פילע זאָגען, װער װעט אונס גוטעס בעװייזען? העב איבער אונס אויף דאָס ליכט פון דיין פָּנִים, אָ האַר! 8 דוא האָסט געגעבען אין מיין האַרץ מעהר שִׂמְחָה, װיא אין דער צייט װען זייער קאָרן אונד זייער װיין פערמעהרט זיך: 9 איך װעל מיך צוזאַמען אַנידערלעגען בְּשָׁלוֹם, אונד װעל איינשלאָפען, װאָרין דוא אַליין, אָ האַר, מאַכסט אַז איך זאָל בלייבען אין זיכערהייט:

## תהלים ה

1 צו דעם זינגער אויף נְחִילוֹת—אַ געזאַנג פון דָוִד: 2 פערנעם מיינע רעד אָ האַר, פערשטעה מיין טראַכטען: 3 פערנעם דאָס קול פון מיין געשרייא, אָ מיין קעניג אונד מיין גאָט! װאָרין צו דיר טהוא איך בעטען: 4 אָ האַר, אין דער פריה זאָלסט דוא הערען מיין קול, אין דער פריה ריכט איך אָן מיין געבעט, אונד איך װיל האָפען: 5 װאָרין דוא ביזט ניט אַ גאָט װאָס האָסט לוסט צום שלעכטען, אונד קיין בייזער װעט ניט מיט דיר װאוינען: 6 דיא נאַרונים װעלען ניט קענען בעשטעהן פאָר דיינע אויגען, דוא האָסט פיינד אַלע װאָס טהון אומרעכט: 7 דוא װעסט פערטילגען דיא װאָס רעדען ליגען, אַ בלוט־שולדיגען מאַן אונד אַ פאַלשען, װעט דער האַר פעראומװירדיגען: 8 אָבער איך,—דורך דיינע גרויסע גנאַד װעל איך קומען אין דיין הויז אַריין, איך װעל מיך ביקען צו דיין הייליגען פאַלאַסט מיט דיינע פאָרכט: 9 אָ האַר,

נְחֵנִי בְצִדְקָתֶךָ לְמַעַן שׁוֹרְרָי הוֹשַׁר לְפָנַי דַּרְכֶּךָ: כִּי אֵין י
בְּפִיהוּ נְכוֹנָה קִרְבָּם הַוּוֹת קֶבֶר־פָּתוּחַ גְּרוֹנָם לְשׁוֹנָם
יַחֲלִיקוּן: הַאֲשִׁימֵם ׀ אֱלֹהִים יִפְּלוּ מִמֹּעֲצוֹתֵיהֶם בְּרֹב 11
פִּשְׁעֵיהֶם הַדִּיחֵמוֹ כִּי מָרוּ בָךְ: וְיִשְׂמְחוּ כָל־חוֹסֵי בָךְ 12
לְעוֹלָם יְרַנֵּנוּ וְתָסֵךְ עָלֵימוֹ וְיַעְלְצוּ בְךָ אֹהֲבֵי שְׁמֶךָ: כִּי 13
אַתָּה תְּבָרֵךְ צַדִּיק יְהוָה כַּצִּנָּה רָצוֹן תַּעְטְרֶנּוּ:

ו ו

לַמְנַצֵּחַ בִּנְגִינוֹת עַל־הַשְּׁמִינִית מִזְמוֹר לְדָוִד: יְהוָה אַל־ א 2
בְּאַפְּךָ תוֹכִיחֵנִי וְאַל־בַּחֲמָתְךָ תְיַסְּרֵנִי: חָנֵּנִי יְהוָה כִּי אֻמְלַל 3
אָנִי רְפָאֵנִי יְהוָה כִּי נִבְהֲלוּ עֲצָמָי: וְנַפְשִׁי נִבְהֲלָה מְאֹד 4
וְאַתְּ יְהוָה עַד־מָתָי: שׁוּבָה יְהוָה חַלְּצָה נַפְשִׁי הוֹשִׁיעֵנִי ה
לְמַעַן חַסְדֶּךָ: כִּי אֵין בַּמָּוֶת זִכְרֶךָ בִּשְׁאוֹל מִי יוֹדֶה־לָּךְ: 6
יָגַעְתִּי בְּאַנְחָתִי אַשְׂחֶה בְכָל־לַיְלָה מִטָּתִי בְּדִמְעָתִי עַרְשִׂי 7
אַמְסֶה: עָשְׁשָׁה מִכַּעַס עֵינִי עָתְקָה בְּכָל־צוֹרְרָי: סוּרוּ 8 9
מִמֶּנִּי כָּל־פֹּעֲלֵי אָוֶן כִּי־שָׁמַע יְהוָה קוֹל בִּכְיִי: שָׁמַע יְהוָה י
תְּחִנָּתִי יְהוָה תְּפִלָּתִי יִקָּח: יֵבֹשׁוּ וְיִבָּהֲלוּ מְאֹד כָּל־אֹיְבָי 11
יָשֻׁבוּ יֵבֹשׁוּ רָגַע:

ז ז

שִׁגָּיוֹן לְדָוִד אֲשֶׁר־שָׁר לַיהוָה עַל־דִּבְרֵי־כוּשׁ בֶּן־יְמִינִי: א
יְהוָה אֱלֹהַי בְּךָ חָסִיתִי הוֹשִׁיעֵנִי מִכָּל־רֹדְפַי וְהַצִּילֵנִי: 2
פֶּן־יִטְרֹף כְּאַרְיֵה נַפְשִׁי פֹּרֵק וְאֵין מַצִּיל: יְהוָה אֱלֹהַי אִם־ 3 4
עָשִׂיתִי זֹאת אִם־יֶשׁ־עָוֶל בְּכַפָּי: אִם־גָּמַלְתִּי שׁוֹלְמִי רָע ה
וָאֲחַלְּצָה צוֹרְרִי רֵיקָם: יִרַדֹּף אוֹיֵב ׀ נַפְשִׁי וְיַשֵּׂג וְיִרְמֹס 6
לָאָרֶץ חַיָּי וּכְבוֹדִי ׀ לֶעָפָר יַשְׁכֵּן סֶלָה: קוּמָה יְהוָה ׀ בְּאַפֶּךָ 7
הִנָּשֵׂא בְּעַבְרוֹת צוֹרְרָי וְעוּרָה אֵלַי מִשְׁפָּט צִוִּיתָ: וַעֲדַת 8
לְאֻמִּים תְּסוֹבְבֶךָּ וְעָלֶיהָ לַמָּרוֹם שׁוּבָה: יְהוָה יָדִין עַמִּים 9
שָׁפְטֵנִי יְהוָה כְּצִדְקִי וּכְתֻמִּי עָלָי: יִגְמָר־נָא רַע ׀ רְשָׁעִים י

פִיהר מיך אין דיינע גערעכטיגקייט, וועגען מיינע פיינד, מאך פאר מיר גראד דיין וועג: 10 וואָרין עס איז קיינע רעכטשאפענהייט אין זייער מויל, זייער אינעווענינגעס איז נור פאלשקייט, איין אָפענעס קבר איז זייער האלז, אונד זייערע צונג רעט גלאטע חניפה: 11 פערטילג זייא, אַ גאָט, מאך זייא פאלען דורך זייערע אייגענע עצות, אונד וועגען זייערע פילע זינד פערשטויס זייא, וואָרין זייא האבען קעגען דיר מורד געוועזען: 12 אבער אלע וואָס בעשיצען זיך אין דיר זאלען זיך פרייען, לאָזען זייא אויף עביג זינגען, ווייל דוא בעשיצסט זייא, לאָזען זיך אויך דיא פרייען אין דיר וואָס ליבען דיין נאָמען: 13 וואָרין דוא בענשסט דעם צדיק, אָ האר, דוא וועסט איהם ארומרינגלען מיט וואוילגעפאלען אזוי וויא מיט א פאנצער:

תהלים ו

1 צו דעם זינגער אויף נגינות מיט אכט שטרונעס—א געזאנג פון דָוִד: 2 אָ האר, שטראָף מיך ניט אין דיין צאָרן, אונד אין דיין גרימצאָרן זאלסט דוא מיך אויך ניט שטראָפען: 3 דערבארם דיך איבער מיר, אָ האר, וואָרין איך בין שוואך, אָ האר היילע מיך, וואָרין מיינע ביינער זענען דערשראָקען: 4 אונד מיין לייב איז (אויך) זעהר דערשראָקען; אָבער דוא אָ האר, ביז וויא לאנג? 5 קעהר דיך אום, אָ האר, אונד זייא מציל מיין נפש, העלף מיר וועגען דיין חסד: 6 וואָרין אין דעם טויט געדענקט מען ניט אן דיר, אונד ווער זאל דיך לויבען אין דער גרוב? 7 איך בין מיד וועגען מיין זיפצען, דיא גאנצע נאכט מאך איך מיין בעט שווימען, איך בענעץ מיין בעט מיט מיינע טרערען: 8 מיינע אויגען זענען פערשמאכט וועגען דעם כעס, זעס איז פערעלטערט געוואָרען וועגען אלע מיינע פיינד: 9 קעהרט אָפּ פון מיר, איהר אלע וואָס טהוט אומרעכט, וואָרין דער האר האָט געהערט דאָס קול פון מיין געוויין: 10 דער האר האָט געהערט מיינע תחינה, דער האר האָט אָנגענומען מיין געבעט: 11 אלע מיינע פיינד וועלען זעהר פערשעהמט אונד דערשראָקען ווערען, זייא וועלען זיך אומקעהרען אונד אין איין (רגע) אויגענבליק פערשעהמט ווערען:

תהלים ז

1 א שגיון פון דָוִד, וואָס ער האָט געזונגען צו דעם האר וועגען דיא זאך פון כוש בן ימיני: 2 אָ האר, מיין גאָט, אין דיר בעשיץ איך מיך, העלף מיר פון אלע וואָס יאָגען מיך נאָך, אונד זייא מיך מציל: 3 וואָרין טאָמער וועט ער מיך פערצוקען וויא א לייב, אונד מיך צורייסען ווען קיינער איז מיך ניט מציל: 4 אָ האר, מיין גאָט, ווען איך האָב דאָס דאזיגע געטהון; אויב עס איז פערהאנדען אומגערעכטיגקייט אין מיינע הענד: 5 אויב איך האָב שלעכטעס בעצאָלט צו דעם וואָס האָט מיט מיר שלום געהאַט, (יוֹא, איך האָב אפילו דעם מציל געוועזען וואָס איז אומזונסט מיין פיינד געוועזען): 6 אזוי זאָל דער פיינד מיין נפש נאָכיאָגען, אונד דערגרייכען, אונד לאָז ער מיין לעבען צו דער ערד צוטרעטען, אונד לאָז ער מיין כבוד אין דעם שטויב לעגען, סלה: 7 שטעה אויף אָ האר אין דיין צאָרן, דערהעב דיך וועגען דעם גרימצאָרן פון מיינע פיינד, אונד דערוועק דיך פאר מיר צום משפט וואָס דוא האָסט געבאָטען: 8 אזוי וועלען דיך דיא עדה פון דיא פעלקער ארומרינגלען, אונד פון זייערטוועגען זאָלסט דוא אומקעהרען צום הימעל: 9 דער האר וועט משפט׳ן דיא פעלקער, משפט מיך, אָ האר נאָך דיינע גערעכטיגקייט אונד נאָך מיינע גאנצקייט וואָס איז אין מיר: 10 אוי, לאָז דאָך דאָס שלעכטע פון דיא רשעים

11 וּתְכוֹנֵן צַדִּיק וּבֹחֵן לִבּוֹת וּכְלָיוֹת אֱלֹהִים צַדִּיק׃ מָגִנִּי
12 עַל־אֱלֹהִים מוֹשִׁיעַ יִשְׁרֵי־לֵב׃ אֱלֹהִים שׁוֹפֵט צַדִּיק
13 וְאֵל זֹעֵם בְּכָל־יוֹם׃ אִם־לֹא יָשׁוּב חַרְבּוֹ יִלְטוֹשׁ קַשְׁתּוֹ
14 דָּרַךְ וַיְכוֹנְנֶהָ׃ וְלוֹ הֵכִין כְּלֵי־מָוֶת חִצָּיו לְדֹלְקִים יִפְעָל׃
טו 16 הִנֵּה יְחַבֶּל־אָוֶן וְהָרָה עָמָל וְיָלַד שָׁקֶר׃ בּוֹר כָּרָה
17 וַיַּחְפְּרֵהוּ וַיִּפֹּל בְּשַׁחַת יִפְעָל׃ יָשׁוּב עֲמָלוֹ בְרֹאשׁוֹ וְעַל־
18 קָדְקֳדוֹ חֲמָסוֹ יֵרֵד׃ אוֹדֶה יְהוָה כְּצִדְקוֹ וַאֲזַמְּרָה שֵׁם־
יְהוָה עֶלְיוֹן׃

ח

ח
2 א לַמְנַצֵּחַ עַל־הַגִּתִּית מִזְמוֹר לְדָוִד׃ יְהוָה אֲדֹנֵינוּ מָה־
אַדִּיר שִׁמְךָ בְּכָל־הָאָרֶץ אֲשֶׁר־תְּנָה הוֹדְךָ עַל־הַשָּׁמָיִם׃
3 מִפִּי עוֹלְלִים ׀ וְיֹנְקִים יִסַּדְתָּ עֹז לְמַעַן צוֹרְרֶיךָ לְהַשְׁבִּית
4 אוֹיֵב וּמִתְנַקֵּם׃ כִּי־אֶרְאֶה שָׁמֶיךָ מַעֲשֵׂה אֶצְבְּעֹתֶיךָ יָרֵחַ
ה וְכוֹכָבִים אֲשֶׁר כּוֹנָנְתָּה׃ מָה־אֱנוֹשׁ כִּי־תִזְכְּרֶנּוּ וּבֶן־אָדָם
6 כִּי תִפְקְדֶנּוּ׃ וַתְּחַסְּרֵהוּ מְּעַט מֵאֱלֹהִים וְכָבוֹד וְהָדָר
7 תְּעַטְּרֵהוּ׃ תַּמְשִׁילֵהוּ בְּמַעֲשֵׂי יָדֶיךָ כֹּל שַׁתָּה תַחַת־
8 9 רַגְלָיו׃ צֹנֶה וַאֲלָפִים כֻּלָּם וְגַם בַּהֲמוֹת שָׂדָי׃ צִפּוֹר שָׁמַיִם
י וּדְגֵי הַיָּם עֹבֵר אָרְחוֹת יַמִּים׃ יְהוָה אֲדֹנֵינוּ מָה־אַדִּיר
שִׁמְךָ בְּכָל־הָאָרֶץ׃

ט

ט
2 א לַמְנַצֵּחַ עַל־מוּת לַבֵּן מִזְמוֹר לְדָוִד׃ אוֹדֶה יְהוָה בְּכָל־
3 לִבִּי אֲסַפְּרָה כָּל־נִפְלְאוֹתֶיךָ׃ אֶשְׂמְחָה וְאֶעֶלְצָה בָךְ
4 אֲזַמְּרָה שִׁמְךָ עֶלְיוֹן׃ בְּשׁוּב אוֹיְבַי אָחוֹר יִכָּשְׁלוּ וְיֹאבְדוּ
ה מִפָּנֶיךָ׃ כִּי־עָשִׂיתָ מִשְׁפָּטִי וְדִינִי יָשַׁבְתָּ לְכִסֵּא שׁוֹפֵט
6 צֶדֶק׃ גָּעַרְתָּ גוֹיִם אִבַּדְתָּ רָשָׁע שְׁמָם מָחִיתָ לְעוֹלָם וָעֶד׃
7 הָאוֹיֵב ׀ תַּמּוּ חֳרָבוֹת לָנֶצַח וְעָרִים נָתַשְׁתָּ אָבַד זִכְרָם
8 9 הֵמָּה׃ וַיהוָה לְעוֹלָם יֵשֵׁב כּוֹנֵן לַמִּשְׁפָּט כִּסְאוֹ׃ וְהוּא
י יִשְׁפֹּט־תֵּבֵל בְּצֶדֶק יָדִין לְאֻמִּים בְּמֵישָׁרִים׃ וִיהִי יְהוָה

אוֹיפְהֶערֶען, אָבֶּער לָאז דֶער צַדִּיק אַ
בֶּעשְׁטַאנְד הָאבֶּען, וָוארִין גָאט פְּרוּפְט דִיא
הֶערְצֶער אוּנְד דִיא נִירֶען פוּן דִיא צַדִּיקִים׃
11 מֵיינֶע בֶּעשִׁיצוּנְג אִיז אוֹיף גָאט, עֶר
הֶעלְפְט דִיא וָואס זֶענֶען אוֹיפְרִיכְטִיג אִין
דֶעם הַארְץ׃ 12 גָאט אִיז אַ גֶערֶעכְטֶער
שׁוֹפֵט, אָבֶּער עֶר אִיז עֶרְגֶערְלִיךְ (מִיט דִיא
רְשָׁעִים) אַלֶע טֶעג׃ 13 וֶוען עֶר וֶועט זִיךְ
נִיט אוּמְקֶעהְרֶען אַזוֹי וֶועט עֶר זַיין שְׁוֶוערְד
שַׁארְפֶען, עֶר הָאט זַיין פֵייל־בּוֹיגֶען אָנְגֶע־
בְּרֵייט׃ 14 עֶר הָאט אוֹיךְ פַאר אִיהְם
אָנְגֶעבְּרֵייט דִיא כֵּלִים פוּן דֶעם טוֹיט, עֶר
הָאט שׁוֹין צוּגֶעבְּרֵייט זֵיינֶע פֵיילֶען פַאר
דִיא נָאכְיָאגֶער׃ 15 זֶעה, עֶר וֵוייטָאגְט
אוּמְרֶעכְט, אוּנְד אִיז טְרָאגֶענְדִיג מִידִיגְ־
קֵייט, אוּנְד עֶר גֶעוִוינְט לִיגֶען׃ 16 עֶר
גְרוּבְּט אוֹיס אַ גְרוּבּ גַאנְץ טִיף, אָבֶּער עֶר
פַאלְט אַלֵיין אַרֵיין אַנְשְׁטָאט דֶעם פָאר
וֶועמֶען זִיא אִיז גֶעמַאכְט׃ 17 זַיין אוּמְגְלִיק
קֶעהְרְט צוּרִיק אוֹיף זַיין אֵייגֶענֶעם קָאפּ,
אוּנְד זֵיינֶע רוֹיבֶּערֵייא קוּמְט אַרוּפּ אוֹיף
זַיין קָאפְּשֵׁייטֶעל׃ 18 אִיךְ וִויל דַאנְקֶען
דֶעם הַאר נָאךְ זֵיינֶע גֶערֶעכְטִיגְקֵייט, אוּנְד
אִיךְ וֶועל זִינְגֶען צוּ דֶעם נָאמֶען פוּן דֶעם
הַאר, דֶעם אֵייבֶּערְשְׁטֶען׃

## תהלים ח

1 צוּ דֶעם זִינְגֶער אוֹיף גִתִּית—אַ גֶעזַאנְג פוּן דָוִד? 2 אָ יְהוָֹה, אוּנְזֶער הַאר! וִויא שְׁטַארְק
אִיז דֵיין נָאמֶען אוֹיף דֶער גַאנְצֶער עֶרְד, וָואס דוּא הָאסְט גֶעגֶעבֶּען דֵיינֶע שֶׁעהְנְקֵייט אוֹיף
דֶעם הִימֶעל׃ 3 פוּן דֶעם מוֹיל פוּן קְלֵיינֶע קִינְדֶער אוּנְד זֵייגֶענְדִיגֶע קִינְדֶער הָאסְט דוּא גֶע־
גְרוּנְדְפֶעסְט לוֹיבּ, פוּן וֶועגֶען דֵיינֶע בֶּעלֵיידִיגֶער, צוּ צֶערְשְׁטֶערְן דֶעם פֵיינְד אוּנְד דֶעם וָואס
אִיז זִיךְ נוֹקֵם׃ 4 וֶוען אִיךְ זֶעה אָן דֵיינֶע הִימֶעל, אוּנְד דִיא מַעֲשִׂים פוּן דֵיינֶע פִינְגֶער, דִיא
לְבָנָה אוּנְד דִיא שְׁטֶערְן וָואס דוּא הָאסְט צוּבֶּערֵייטֶעט׃ 5 וָואס אִיז דֶער מֶענְשׁ דָאס דוּא
זָאלְסְט אָן אִיהְם גֶעדֶענְקֶען? אוּנְד דֶער בֶּן־אָדָם אַז דוּא זָאלְסְט אִיהְם מַאכֶען בֶּעפֶעהְלֶען?
6 אוּנְד דוּא הָאסְט אִיהְם גֶעמַאכְט אַ בִּיסֶעל נִידְרִיגֶער פוּן גָאט, אוּנְד מִיט כָּבוֹד אוּנְד מִיט
שֶׁעהְנְקֵייט הָאסְט דוּא אִיהְם גֶעקְרוֹינְט׃ 7 דוּא הָאסְט אִיהְם גֶעמַאכְט גֶעוֶועלְטִיגֶען אִיבֶּער
דִיא וֶוערְק פוּן דֵיינֶע הֶענְד, אַלֶעס הָאסְט דוּא גֶעמַאכְט אוּנְטֶערְטֶענִיג אוּנְטֶער זֵיינֶע פִיס׃
8 אַלֶע שָׁאף אוּנְד רִינְדֶער אוּנְד אוֹיךְ דִיא בְּהֵמוֹת פוּן דֶעם פֶעלְד׃ 9 דִיא פֶעגֶעל פוּם הִימֶעל,
אוּנְד דִיא פִישׁ פוּן דֶעם יַם, אוּנְד דָאס וָואס פָאהְרְט אִיבֶּער דוּרְךְ דִיא יַמִּים׃ 10 אָ יְהוָֹה,
אוּנְזֶער הַאר! וִויא שְׁטַארְק אִיז דֵיין נָאמֶען אוֹיף דֶער גַאנְצֶער עֶרְד׃

## תהלים ט

1 צוּ דֶעם זִינְגֶער אוֹיף מוּת לַבֵּן—אַ גֶעזַאנְג פוּן דָוִד׃ 2 אִיךְ וֶועל דַאנְקֶען דֶעם הַאר מִיט
מֵיין גַאנְצֶען הַארְץ, אִיךְ וֶועל דֶערְצֶעהְלֶען אַלֶע דֵיינֶע וְואוּנְדֶער׃ 3 אִיךְ וֶועל מִיךְ פְרֵייעֶן
אוּנְד אִיךְ וֶועל זַיין לוּסְטִיג אִין דִיר, אִיךְ וֶועל זִינְגֶען צוּ דֵיין נָאמֶען, אָ דוּא אֵייבֶּערְשְׁטֶער׃
4 וֶוען מֵיינֶע פֵיינְד וֶועלֶען הִינְטֶער זִיךְ אוּמְקֶעהְרֶען אַזוֹי וֶועלֶען זֵייא גֶעשְׁטְרוֹיכֶעלְט אוּנְד
פֶערְלוֹירֶען וֶוערֶען פָאר דֵיין פָּנִים׃ 5 וָוארִין דוּא הָאסְט גֶעטְהוּן מֵיין מִשְׁפָּט אוּנְד מֵיין דִין,
דוּא בִּיזְט גֶעזֶעסֶען אוֹיף דֶעם שְׁטוּהְל, דוּא גֶערֶעכְטֶער שׁוֹפֵט׃ 6 דוּא הָאסְט אָנְגֶעשְׁרִיגֶען
גוֹיִם, אוּנְד דוּא הָאסְט פֶערְטִילְגְט דֶעם רָשָׁע, דוּא הָאסְט זֵייעֶר נָאמֶען אוֹיסְגֶעמֶעקְט אוֹיף
אִימֶער אוּנְד עֶבִּיג׃ 7 דֶער פֵיינְד אִיז פֶערְלֶענְט, דִיא פֶערְוִויסְטוּנְגֶען זֶענֶען אוֹיף עֶבִּיג,
אוּנְד דִיא שְׁטֶעט הָאסְט דוּא אוֹיסְגֶעריסֶען, זֵייעֶר גֶעדֶעכְטְנִיס אִיז פוּן זֵייא פֶערְלוֹירֶען גֶע־
וָוארֶען׃ 8 אָבֶּער דֶער הַאר זִיצְט (אַלְס קֶענִיג) אוֹיף עֶבִּיג, עֶר הָאט אָנְגֶעבְּרֵייט זַיין שְׁטוּהְל
צוּם מִשְׁפָּט׃ 9 אוּנְד עֶר וֶועט דִיא וֶועלְט מִשְׁפָּטְ׳ן מִיט גֶערֶעכְטִיגְקֵייט, עֶר וֶועט
דִיא פֶעלְקֶער דַן זַיין מִיט רֶעכְטְפַארְטִיגְקֵייט׃ 10 אוּנְד דֶער הַאר וֶועט זַיין

מִשְׂגָּב לַדָּךְ מִשְׂגָּב לְעִתּוֹת בַּצָּרָה׃ וְיִבְטְחוּ בְךָ יוֹדְעֵי 11
שְׁמֶךָ כִּי לֹא־עָזַבְתָּ דֹרְשֶׁיךָ יְהוָה׃ זַמְּרוּ לַיהוָה יֹשֵׁב צִיּוֹן 12
הַגִּידוּ בָעַמִּים עֲלִילוֹתָיו׃ כִּי־דֹרֵשׁ דָּמִים אוֹתָם זָכָר לֹא־ 13
שָׁכַח צַעֲקַת עֲנָיִים׃ חָנְנֵנִי יְהוָה רְאֵה עָנְיִי מִשֹּׂנְאָי מְרוֹמְמִי 14
מִשַּׁעֲרֵי־מָוֶת׃ לְמַעַן אֲסַפְּרָה כָּל־תְּהִלָּתֶיךָ בְּשַׁעֲרֵי בַת־ טו
צִיּוֹן אָגִילָה בִּישׁוּעָתֶךָ׃ טָבְעוּ גוֹיִם בְּשַׁחַת עָשׂוּ בְּרֶשֶׁת־ 16
זוּ טָמָנוּ נִלְכְּדָה רַגְלָם׃ נוֹדַע ׀ יְהוָה מִשְׁפָּט עָשָׂה בְּפֹעַל 17
כַּפָּיו נוֹקֵשׁ רָשָׁע הִגָּיוֹן סֶלָה׃ יָשׁוּבוּ רְשָׁעִים לִשְׁאוֹלָה 18
כָּל־גּוֹיִם שְׁכֵחֵי אֱלֹהִים׃ כִּי לֹא לָנֶצַח יִשָּׁכַח אֶבְיוֹן תִּקְוַת 19
עֲנִוִּים תֹּאבַד לָעַד׃ קוּמָה יְהוָה אַל־יָעֹז אֱנוֹשׁ יִשָּׁפְטוּ כ
גוֹיִם עַל־פָּנֶיךָ׃ שִׁיתָה יְהוָה ׀ מוֹרָה לָהֶם יֵדְעוּ גוֹיִם 21
אֱנוֹשׁ הֵמָּה סֶּלָה׃

י

לָמָה יְהוָה תַּעֲמֹד בְּרָחוֹק תַּעְלִים לְעִתּוֹת בַּצָּרָה׃ בְּגַאֲוַת־ א 2
רָשָׁע יִדְלַק עָנִי יִתָּפְשׂוּ ׀ בִּמְזִמּוֹת זוּ חָשָׁבוּ׃ כִּי־הִלֵּל 3
רָשָׁע עַל־תַּאֲוַת נַפְשׁוֹ וּבֹצֵעַ בֵּרֵךְ נִאֵץ ׀ יְהוָה׃ רָשָׁע 4
כְּגֹבַהּ אַפּוֹ בַּל־יִדְרֹשׁ אֵין אֱלֹהִים כָּל־מְזִמּוֹתָיו׃ יָחִילוּ ה
דְרָכָו ׀ בְּכָל־עֵת מָרוֹם מִשְׁפָּטֶיךָ מִנֶּגְדּוֹ כָּל־צוֹרְרָיו יָפִיחַ
בָּהֶם׃ אָמַר בְּלִבּוֹ בַּל־אֶמּוֹט לְדֹר וָדֹר אֲשֶׁר לֹא־בְרָע׃ 6
אָלָה ׀ פִּיהוּ מָלֵא וּמִרְמוֹת וָתֹךְ תַּחַת לְשׁוֹנוֹ עָמָל וָאָוֶן׃ 7
יֵשֵׁב ׀ בְּמַאְרַב חֲצֵרִים בַּמִּסְתָּרִים יַהֲרֹג נָקִי עֵינָיו לְחֵלְכָה 8
יִצְפֹּנוּ׃ יֶאֱרֹב בַּמִּסְתָּר ׀ כְּאַרְיֵה בְסֻכֹּה יֶאֱרֹב לַחֲטוֹף עָנִי 9
יַחְטֹף עָנִי בְּמָשְׁכוֹ בְרִשְׁתּוֹ׃ וְדָכָה יָשֹׁחַ וְנָפַל בַּעֲצוּמָיו י
חֵלְכָּאִים׃ אָמַר בְּלִבּוֹ שָׁכַח אֵל הִסְתִּיר פָּנָיו בַּל־רָאָה 11
לָנֶצַח׃ קוּמָה יְהוָה אֵל נְשָׂא יָדֶךָ אַל־תִּשְׁכַּח עֲנָיִים׃ 12
עַל־מֶה ׀ נִאֵץ רָשָׁע ׀ אֱלֹהִים אָמַר בְּלִבּוֹ לֹא תִּדְרֹשׁ׃ 13
רָאִתָה כִּי־אַתָּה ׀ עָמָל וָכַעַס ׀ תַּבִּיט לָתֵת בְּיָדֶךָ עָלֶיךָ 14

אַ בעשיצונג צו דעם פערשטויסענעם, אַ
בעשיצונג אין דער צייט פון דער צָרָה:
11 אונד דיא וואס קענען דיין נאמען וועד-
לען זייער בִּטָחוֹן האבען אין דיר, וואָרין
דו וועסט ניט פערלאָזען זאלכע וואס
פאַרשען דיך אָ האר: 12 זינגט צו דעם
האר איהר וואס וואוינט אין ציון, אונד
דערצעהלט זיינע מַעֲשִׂים צווישען דיא
פעלקער: 13 וואָרין דער וואס פאָרשט
דאס אונשולדיגע בלוט וועט אָן זייא גע-
דענקען, ער האט ניט פערגעסען דאס גע-
שרייא פון דיא דעמיטיגע: 14 לייטזע-
ליגע מיך אָ האר, זעה אָן מיין פיין דורך
מיינע פיינד; דערהעב מיך פון דיא טויי-
רען פון דעם טויט: 15 כְּדֵי איך זאל דער-
צעהלען דיין גאנצען לויב אין דיא טויערען
פון דער טאכטער (אָדער שטאָט) ציון,
איך וועל מיך פרייען אין דיינער הילף:
16 דיא גוֹיִם זענען איינגעזונקען אין דיא
גרוב וואס זייא האבען געמאכט, אין דעם
דאזיגען נעץ וואס זייא האבען בעהאלטען
זענען זייערע אייגענע פיס געהאפט געווא-
רען: 17 דער האר האט זיך בעקאנט
געמאכט דאס ער טהוט רעכט, דורך דיא
ארבייט פון זיינע אייגענע הענד האט דער רָשָׁע געשטרויכעלט, הִגָּיוֹן, סֶלָה: 18 דיא
רְשָׁעִים וועלען זיך אומקעהרען צו דעם שְׁאוֹל, אונד אלע גוֹיִם וואס פערגעסען גאט:
19 וואָרין ער וועט ניט אויף עביג פערגעסען דעם אָרעמען, אונד דיא האפענונג פון דיא
עֲנָוִים וועט ניט אויף עביג פערלוירען ווערען: 20 שטעה אויף, אָ האר! לאָז זיך ניט דער
מענש (רָשָׁע) אַזוֹי שטארקען, לאָזען דיא גוֹיִם פאר דיר געמִשְׁפָּט ווערען: 21 טהוא אויף
זייא אַ פורכט, לאָזען דיא גוֹיִם דערקענען אז זייא זענען נאר מענשען, סֶלָה:

תהלים י

1 פאַרוואס שטעהסט דו אַזוֹי פון ווייטען, אָ האר? דו בעהאלטסט דיך אין דיא צייטען
פון דער צָרָה: 2 דער רָשָׁע אין זיינע גַאֲוָה יאגט נאך דעם אָרעמען, לאָזען זייא געהאפט
ווערען אין דיא בייזע געדאנקען וואס זייא האבען אויסגעטראכט: 3 וואָרין דער רָשָׁע בע-
ריהמט זיך איבער דיא לוסט פון זיין לייב, אונד דעם גייציגען בענשט ער, אָבער דעם
האר דערצאָרנט ער: 4 דער רָשָׁע, וועגען דעם שטאָלץ פון זיין פָּנִים וויל ניט נאכפאָרשען,
גאָט איז אויך ניט אין אלע זיינע געדאנקען: 5 זיינע וועגען בעגליקען אלע צייט, דיינע
מִשְׁפָּטִים זענען פאר איהם צו הויך, אונד וואס אָנבעלאנגט אלע זיינע פיינד, ער גיט נאר
אַ בלאָז אויף זייא: 6 ער זאָגט אין זיין הארץ — איך וועל מיך ניט אויסגליטשען, פון דור
צו דור וועט עס מיר ניט זיין שלעכט: 7 זיין מויל וועט זיין פול מיט פלוך אונד פאלשקייט
אונד בעטריגערייא, אונטער זיינע צונג איז מידיגקייט אונד אומרעכט: 8 ער זיצט אין
דיא לוירונג פון דיא דערפער, אין דעם פערבארגענעם הַרְגֶת ער דעם אומשולדיגען, זיינע
אויגען לוירען אויף דעם אָרעמען: 9 ער לויערט אים פערבאָרגענעם אַזוֹי וויא אַ לייב אין
זייןביידעל, ער לויערט אום דעם אָרעמען צו כאַפּען, ער כאפט דעם אָרעמען ווען ער
ציהט אוים זיין נעץ: 10 ער שטויסט זיך אונד בעגט זיך אַנידער אז דער אָרעמער זאל
פאלען דורך זיינע שטארקהייט: 11 ער טראכט זיך אין זיין הארץ אַז גאָט האט פערגעסען,
ער פערבאָרגט זיין פָּנִים אַז ער וועט עס קיינמאל ניט זעהען: 12 שטעה אויף
אָ האר! אונד העב אויף דיינע האנד, אונד פערגעס ניט אַן דעם אָרעמען:
13 פאַרוואס דערצאָרנט דער רָשָׁע גאָט? ער טראכט אין זיין הארץ אַז דו
וועסט עס ניט פאָרשען: 14 דו האסט עס געזעהען — וואָרין דו זעהסט אָן
דיא מידיגקייט אונד דעם צאָרן, כְּדֵי עס צו איבערגעבען אין דיינע האנד אַריין,

טו יַעֲזֹב חֵלְכָה יָתוֹם אַתָּה ׀ הָיִיתָ עוֹזֵר׃ שְׁבֹר זְרוֹעַ רָשָׁע
16 וָרָע תִּדְרוֹשׁ־רִשְׁעוֹ בַל־תִּמְצָא׃ יְהוָה מֶלֶךְ עוֹלָם וָעֶד
17 אָבְדוּ גוֹיִם מֵאַרְצוֹ׃ תַּאֲוַת עֲנָוִים שָׁמַעְתָּ יְהוָה תָּכִין לִבָּם
18 תַּקְשִׁיב אָזְנֶךָ׃ לִשְׁפֹּט יָתוֹם וָדָךְ בַּל־יוֹסִיף עוֹד לַעֲרֹץ
אֱנוֹשׁ מִן־הָאָרֶץ׃

## יא

א לַמְנַצֵּחַ לְדָוִד בַּיהוָה ׀ חָסִיתִי אֵיךְ תֹּאמְרוּ לְנַפְשִׁי נוּדוּ
2 הַרְכֶם צִפּוֹר׃ כִּי הִנֵּה הָרְשָׁעִים יִדְרְכוּן קֶשֶׁת כּוֹנְנוּ חִצָּם
3 עַל־יֶתֶר לִירוֹת בְּמוֹ־אֹפֶל לְיִשְׁרֵי־לֵב׃ כִּי הַשָּׁתוֹת יֵהָרֵסוּן
4 צַדִּיק מַה־פָּעָל׃ יְהוָה ׀ בְּהֵיכַל קָדְשׁוֹ יְהוָה בַּשָּׁמַיִם
ה כִּסְאוֹ עֵינָיו יֶחֱזוּ עַפְעַפָּיו יִבְחֲנוּ בְּנֵי אָדָם׃ יְהוָה צַדִּיק
6 יִבְחָן וְרָשָׁע וְאֹהֵב חָמָס שָׂנְאָה נַפְשׁוֹ׃ יַמְטֵר עַל־רְשָׁעִים
7 פַּחִים אֵשׁ וְגָפְרִית וְרוּחַ זִלְעָפוֹת מְנָת כּוֹסָם׃ כִּי־צַדִּיק
יְהוָה צְדָקוֹת אָהֵב יָשָׁר יֶחֱזוּ פָנֵימוֹ׃

## יב

2 א לַמְנַצֵּחַ עַל־הַשְּׁמִינִית מִזְמוֹר לְדָוִד׃ הוֹשִׁיעָה יְהוָה כִּי־
3 גָמַר חָסִיד כִּי־פַסּוּ אֱמוּנִים מִבְּנֵי אָדָם׃ שָׁוְא ׀ יְדַבְּרוּ
4 אִישׁ אֶת־רֵעֵהוּ שְׂפַת חֲלָקוֹת בְּלֵב וָלֵב יְדַבֵּרוּ׃ יַכְרֵת
ה יְהוָה כָּל־שִׂפְתֵי חֲלָקוֹת לָשׁוֹן מְדַבֶּרֶת גְּדֹלוֹת׃ אֲשֶׁר
6 אָמְרוּ ׀ לִלְשֹׁנֵנוּ נַגְבִּיר שְׂפָתֵינוּ אִתָּנוּ מִי אָדוֹן לָנוּ׃ מִשֹּׁד
עֲנִיִּים מֵאַנְקַת אֶבְיוֹנִים עַתָּה אָקוּם יֹאמַר יְהוָה אָשִׁית בְּיֵשַׁע
7 יָפִיחַ לוֹ׃ אִמֲרוֹת יְהוָה אֲמָרוֹת טְהֹרוֹת כֶּסֶף צָרוּף
8 בַּעֲלִיל לָאָרֶץ מְזֻקָּק שִׁבְעָתָיִם׃ אַתָּה־יְהוָה תִּשְׁמְרֵם תִּצְּרֶנּוּ ׀
9 מִן־הַדּוֹר זוּ לְעוֹלָם׃ סָבִיב רְשָׁעִים יִתְהַלָּכוּן כְּרֻם זֻלּוּת
לִבְנֵי אָדָם׃

## יג

2 א לַמְנַצֵּחַ מִזְמוֹר לְדָוִד׃ עַד־אָנָה יְהוָה תִּשְׁכָּחֵנִי נֶצַח עַד־

דֶער אָרֶעמֶער פֶערְלָאזְט זִיךְ אוֹיף דִיר, דוּא בִּיזְט דָאךְ גֶעוָועזֶען דֶער הֶעלְפֶער פוּן דֶעם יָתוֹם׃ 15 צוּבְּרֶעךְ דָאךְ דֶעם אָרֶעם פוּן דֶעם רָשָׁע, אוּנְד וֶועגֶען דֶעם שְׁלֶעכְטֶען פָארְשׁ אוֹיס זַיינֶע שְׁלֶעכְטִיגְקֵייט בִּיז עֶס וֶועט נִיט מֶעהְר גֶעפוּנֶען וֶוערֶען׃ 16 דֶער הַאר וֶועט זַיין דֶער מֶלֶךְ אוֹיף אִימֶער אוּנְד עֶבִּיג, דִיא גוֹיִם זֶענֶען פֶערְטִילְגְט פוּן זַיין לַאנְד׃ 17 דוּא הָאסְט גֶעהֶערְט דִיא לוּסְט פוּן דִיא עֲנָוִים, אָ הַאר! דוּא וֶועסְט אוֹיךְ אָנְבְּרֵייטֶען זֵייעֶר הַארְץ, דוּא וֶועסְט עֶס פֶערְנֶעמֶען מִיט דֵיינֶע אוֹירֶען׃ 18 צוּ מִשְׁפָּטְ׳ן דֶעם יָתוֹם אוּנְד דֶעם צוּשְׁטוֹיסֶענֶעם, דָאס דֶער רָשָׁע זָאל נִיט מֶעהְר דֶערְשְׁרֶעקֶען דֶעם מֶענְשׁ פוּן דֶער עֶרְד׃

## תהלים יא

1 צוּ דֶעם זִינְגֶער פוּן דָוִד. אִיךְ הָאבּ מִיךְ בֶּעשִׁיצְט אִין דֶעם הַאר, וִויא אַזוֹי זָאגְט אִיהְר צוּ מֵיינֶע זֶעלֶע—פְלִיה אַוֶועק אַזוֹי וִויא אַ פוֹיגֶעל צוּ דִיא בֶּערְג׃ 2 וָוארִין זֶעה, דִיא רְשָׁעִים הָאבֶּען גֶעשְׁפַּאנְט זֵייעֶר בּוֹיגֶען, זֵייא הָאבֶּען שׁוֹין אָנְגֶעבְּרֵייט זֵיירֶע פֵיילֶען אוֹיף דִיא שְׁנוּר צוּ שִׁיסֶען אִין דֶער פִינְסְטֶערְנִיס אוֹיף דֶעם וָואס הָאט אַן אוֹיפְרִיכְטִיג הַארְץ׃ 3 וָוארִין וֶוען דִיא גְרוּנְדְפֶעסְטֶען וֶוערֶען אָפְּגֶערִיסֶען, וָואס קֶען דֶער צַדִיק טְהוּן׃ 4 דֶער הַאר אִיז אִין זַיין הֵיילִיגֶען טֶעמְפֶּעל, דֶער הַאר הָאט זַיין טְרָאהְן־שְׁטוּל אִין דֶעם הִימֶעל, אָבֶּער זֵיינֶע אוֹיגֶען זֶעהֶען דָאךְ, זֵיינֶע בְּרֶעמֶען פְּרוּפֶען דִיא מֶענְשֶׁען׃ 5 דֶער הַאר פְּרוּפְט דֶעם צַדִיק, אָבֶּער דֶער רָשָׁע אוּנְד דֶעם וָואס הָאט לִיבּ רוֹיבֶּערֵייא דֶעם הָאט זֵיינֶע זֶעלֶע פֵיינְד׃ 6 עֶר מַאכְט רֶעגֶענֶען אוֹיף דִיא רְשָׁעִים פֵייעֶר אוּנְד שְׁוֶועבֶּעל, אוּנְד אַ הֵייסֶער שְׁטוּרְמְוִוינְד אִיז דָאס חֵלֶק פוּן זֵייעֶר כּוֹס׃ 7 וָוארִין דֶער גֶערֶעכְטֶער הַאר הָאט לִיבּ גֶערֶעכְטִיגְקֵייט, זַיין פָּנִים זֶעהְט אָן דִיא אוֹיפְרִיכְטִיגֶע׃

## תהלים יב

1 צוּ דֶעם זִינְגֶער אוֹיף שְׁמִינִית,—אַ גֶעזַאנְג פוּן דָוִד׃ 2 הֶעלְף אָ הַאר! וָוארִין דֶער פְרָאמֶער (חָסִיד) אִיז פֶערְשְׁוואוּנְדֶען, אוּנְד דִיא גֶעטְרֵייעֶ פוּן דִיא מֶענְשֶׁען פֶערְגֶעהְן׃ 3 זֵייא רֶעדֶען אִיטְלִיכֶער צוּ זַיין חָבֵר פַאלְשְׁהֵייט, מִיט גְלַאטֶע לֶעפְצֶען, מִיט אַ צְוֵוייעֶרְלֵייא הַארְץ רֶעדֶען זֵייא׃ 4 לָאז דֶער הַאר פֶערְשְׁנֵיידֶען אַלֶע גְלַאטֶע לֶעפְצֶען, אוּנְד דִיא צוּנְג וָואס רֶעט גְרוֹיסֶע זַאכֶען׃ 5 דִיא וָואס זָאגֶען, מִיר וֶועלֶען זִיךְ שְׁטַארְקֶען דוּרְךְ אוּנְזֶערֶע צוּנְג, אוּנְזֶערֶע לֶעפְצֶען זֶענֶען מִיט אוּנְס, וֶוער אִיז אַ הַאר אִיבֶּער אוּנְס? 6 פוּן וֶועגֶען דֶעם רוֹיבּ פוּן דִיא אָרֶעמֶע, אוּנְד פוּן וֶועגֶען דֶעם גֶעשְׁרֵייא פוּן דִיא בֶּעדַארְפְטִיגֶע וֶועל אִיךְ אַצוּנְד אוֹיפְשְׁטֶעהְן, זָאגְט דֶער הַאר, אִיךְ וֶועל אִיהְם אִין זִיכֶערְהֵייט זֶעצֶען קֶעגֶען דֶעם וָואס זֵייא אָנְבְּלָאזֶען׃ 7 דִיא וֶוערְטֶער פוּן גָאט זֶענֶען רֵיינֶע וֶוערְטֶער גֶעלֵייטֶערְט אַזוֹי וִויא זִילְבֶּער וָואס אִיז גֶעשְׁמָאלְצֶען אִין דֶער עֶרְד, וָואס אִיז גֶעלֵייטֶערְט זִיבֶּען מָאל׃ 8 דוּא אָ הַאר וֶועסְט זֵייא בֶּעהִיטֶען, דוּא וֶועסְט זֵייא בֶּעהַאלְטֶען פוּן דֶעם דָאזִיגֶען דוֹר בִּיז אוֹיף עֶבִּיג׃ 9 דִיא רְשָׁעִים גֶעהֶען אַרוּם אוּנְד אַרוּם, וֶוען דִיא פֶערְדָארְבֶּענְהֵייט דֶערְהֶעבְּט זִיךְ בֵּייא דִיא מֶענְשֶׁען׃

## תהלים יג

1 צוּ דֶעם זִינְגֶער—אַ גֶעזַאנְג פוּן דָוִד׃ 2 בִּיז וִויא לַאנְג וֶועסְט דוּא מִיךְ פֶערְגֶעסֶען אָ הַאר! אוֹיף עֶבִּיג? בִּיז וִויא לַאנְג וֶועסְט דוּא בֶּעהַאלְטֶען דֵיין פָּנִים פוּן מִיר?

אָנָה ׀ תַּסְתִּיר אֶת־פָּנֶיךָ מִמֶּנִּי׃ עַד־אָנָה אָשִׁית עֵצוֹת בְּנַפְשִׁי 3
יָגוֹן בִּלְבָבִי יוֹמָם עַד־אָנָה ׀ יָרוּם אֹיְבִי עָלָי׃ הַבִּיטָה עֲנֵנִי 4
יְהוָה אֱלֹהָי הָאִירָה עֵינַי פֶּן־אִישַׁן הַמָּוֶת׃ פֶּן־יֹאמַר אֹיְבִי ה
יְכָלְתִּיו צָרַי יָגִילוּ כִּי אֶמּוֹט׃ וַאֲנִי ׀ בְּחַסְדְּךָ בָטַחְתִּי יָגֵל 6
לִבִּי בִּישׁוּעָתֶךָ אָשִׁירָה לַיהוָה כִּי גָמַל עָלָי׃

יד יד

לַמְנַצֵּחַ לְדָוִד אָמַר נָבָל בְּלִבּוֹ אֵין אֱלֹהִים הִשְׁחִיתוּ א
הִתְעִיבוּ עֲלִילָה אֵין עֹשֵׂה־טוֹב׃ יְהוָה מִשָּׁמַיִם הִשְׁקִיף 2
עַל־בְּנֵי־אָדָם לִרְאוֹת הֲיֵשׁ מַשְׂכִּיל דֹּרֵשׁ אֶת־אֱלֹהִים׃ הַכֹּל 3
סָר יַחְדָּו נֶאֱלָחוּ אֵין עֹשֵׂה־טוֹב אֵין גַּם אֶחָד׃ הֲלֹא יָדְעוּ 4
כָּל־פֹּעֲלֵי אָוֶן אֹכְלֵי עַמִּי אָכְלוּ לֶחֶם יְהוָה לֹא קָרָאוּ׃ שָׁם ׀ ה
פָּחֲדוּ פָחַד כִּי־אֱלֹהִים בְּדוֹר צַדִּיק׃ עֲצַת־עָנִי תָבִישׁוּ כִּי 6
יְהוָה מַחְסֵהוּ׃ מִי־יִתֵּן מִצִּיּוֹן יְשׁוּעַת יִשְׂרָאֵל בְּשׁוּב יְהוָה 7
שְׁבוּת עַמּוֹ יָגֵל יַעֲקֹב יִשְׂמַח יִשְׂרָאֵל׃

טו טו

מִזְמוֹר לְדָוִד יְהוָה מִי־יָגוּר בְּאָהֳלֶךָ מִי־יִשְׁכֹּן בְּהַר קָדְשֶׁךָ׃ א
הוֹלֵךְ תָּמִים וּפֹעֵל צֶדֶק וְדֹבֵר אֱמֶת בִּלְבָבוֹ׃ לֹא־רָגַל ׀ 2 3
עַל־לְשֹׁנוֹ לֹא־עָשָׂה לְרֵעֵהוּ רָעָה וְחֶרְפָּה לֹא־נָשָׂא עַל־
קְרֹבוֹ׃ נִבְזֶה ׀ בְּעֵינָיו נִמְאָס וְאֶת־יִרְאֵי יְהוָה יְכַבֵּד נִשְׁבַּע 4
לְהָרַע וְלֹא יָמִר׃ כַּסְפּוֹ ׀ לֹא־נָתַן בְּנֶשֶׁךְ וְשֹׁחַד עַל־נָקִי לֹא־ ה
לָקָח עֹשֵׂה אֵלֶּה לֹא יִמּוֹט לְעוֹלָם׃

טז טז

מִכְתָּם לְדָוִד שָׁמְרֵנִי אֵל כִּי־חָסִיתִי בָךְ׃ אָמַרְתְּ לַיהוָה א 2
אֲדֹנָי אָתָּה טוֹבָתִי בַּל־עָלֶיךָ׃ לִקְדוֹשִׁים אֲשֶׁר־בָּאָרֶץ הֵמָּה 3
וְאַדִּירֵי כָּל־חֶפְצִי־בָם׃ יִרְבּוּ עַצְּבוֹתָם אַחֵר מָהָרוּ בַּל־ 4
אַסִּיךְ נִסְכֵּיהֶם מִדָּם וּבַל־אֶשָּׂא אֶת־שְׁמוֹתָם עַל־שְׂפָתָי׃
יְהוָה מְנָת חֶלְקִי וְכוֹסִי אַתָּה תּוֹמִיךְ גּוֹרָלִי׃ חֲבָלִים נָפְלוּ־ ה
לִי בַּנְּעִמִים אַף־נַחֲלָת שָׁפְרָה עָלָי׃ אֲבָרֵךְ אֶת־יְהוָה אֲשֶׁר 6 7

3 בִּיז וויא לַאנג זָאל אִיךְ אַן עֵצָה נֶעמֶען מִיט מֵיינֶע זֶעלֶע, אוּנְד הָאבֶּען טֶעגְלִיךְ טְרוֹיעֶרִיגְקֵייט אִין מֵיין הַארְץ? בִּיז וויא לַאנג וֶועט זִיךְ מֵיין פֵיינְד אִיבֶּער מִיר דֶערְהֶעבֶּען? 4 זֶעה עֶס דָאךְ אָן, אוּנְד עֶנְטְפֶער מִיר אָ הַאר, מֵיין גָאט! דֶערְלֵייכְט מֵיינֶע אוֹיגֶען, וָואריִן טָאמֶער וֶועל אִיךְ עֶנְטְשְׁלָאפֶען וֶוערֶען אִין דֶעם טוֹיט: 5 טָאמֶער וֶועט מֵיין פֵיינְד זָאגֶען, אִיךְ הָאבּ אִיהְם בֵּייגֶעקוּמֶען, מֵיינֶע בֶּעלֵיידִיגֶער וֶועלֶען זִיךְ פְרֵייעֶן וֶוען אִיךְ וֶועל מִיךְ אוֹיסְגְלִיטְשֶׁען: 6 אָבֶּער אִיךְ הָאבּ מִיךְ פֶערְזִיכֶערְט אִין דֵיין חֶסֶד, מֵיין הַארְץ אִיז פְרֶעהְלִיךְ אִין דֵיינֶער הִילְף, אִיךְ וֶועל זִינְגֶען צוּ דֶעם הַאר, ווייל עֶר הָאט מִיר גוּטֶעס פֶערְגָאלְטֶען:

תהלים יד

1 צוּ דֶעם זִינְגֶער—פוּן דָוִד—דֶער נַאר הָאט גֶעזָאגְט אִין זֵיין הַארְץ, עֶס אִיז נִיט דָא קֵיין גָאט, זַייא זֶענֶען פֶערְדָארְבֶּען אוּנְד הָאבֶּען פֶערְאוּמְווירְדִיגְט זֵיירֶע מַעֲשִׂים, קֵיינֶער טְהוּט גוּטֶעס: 2 דֶער הַאר קוּקְט אַרוּפּ פוּן דֶעם הִימֶעל אוֹיף דִיא מֶענְשֶׁען אוּם צוּ זֶעהֶען אוֹיבּ עֶס אִיז פֶערְהַאנְדֶען אַ קְלוּגֶער וָואס זוּכְט גָאט: 3 זַייא הָאבֶּען זִיךְ אַלֶע צוּזַאמֶען אָפְּגֶעקֶעהְ־ט זַייא זֶענֶען שְׁלֶעכְט גֶעוָוארֶען, עֶס אִיז קֵיינֶער וָואס טְהוּט גוּטֶעס, אוֹיךְ נִיט אֵיין אֵיינְצִיגֶער: 4 הָאבֶּען זַייא עֶס דֶען נִיט גֶעווְאוּסְט, אַלֶע וָואס טְהוּעֶן אוּמְרֶעכְט? וָואס עֶסֶען אוֹיף מֵיין פָאלְק אַזוֹי וויא מֶען עֶסְט בְּרוֹיט, דֶעם הַאר הָאבֶּען זַייא נִיט אָנְגֶערוּפֶען: 5 דָארְט הָאבֶּען זַייא אַ זֶעהְר גְרוֹיסֶע מוֹרָא גֶעהַאט, וָוארִין גָאט אִיז אִין דֶעם דוֹר פוּן דֶעם צַדִּיק: 6 דִיא עֵצָה פוּן דֶעם אֶרֶעמֶען הָאט אִיהְר פֶערְשֶׁעהְמְט, אָבֶּער דֶער הַאר אִיז זֵיין בֶּעשִׁיצֶער: 7 וֶוער וָואלְט גֶעבֶּען אַז דִיא הִילְף פַאר יִשְׂרָאֵל זָאל קוּמֶען אוּיס צִיּוֹן! וֶוען דֶער הַאר וֶועט צוּרִיקְבְּרֶענְגֶען דִיא גֶעפַאנְגֶענְשַׁאפְט פוּן זֵיין פָאלְק, וֶועט יַעֲקֹב פְרֶעהְלִיךְ זֵיין, אוּנְד יִשְׂרָאֵל וֶועט זִיךְ פְרֵייעֶן:

תהלים טו

1 אַ גֶעזַאנְג פוּן דָוִד—אָ הַאר! וֶוער זָאל זִיךְ אוֹיפְהַאלְטֶען אִין דֵיינֶע גֶעצֶעלְטֶען? וֶוער זָאל ווְאוֹינֶען אִין דֵיין הֵיילִיגֶען בַּארְג: 2 דֶער וָואס גֶעהְט אַרוּם מִיט אוֹיפְרִיכְטִיגְקֵייט, אוּנְד טְהוּט גֶערֶעכְטִיגְקֵייט, אוּנְד וָואס רֶעט אֱמֶת אִין זֵיין הַארְץ: 3 דֶער וָואס זָאגְט נִיט רְכִילוּת מִיט זֵיינֶע צוּנְג, אוּנְד וָואס טְהוּט קֵיין שְׁלֶעכְטֶעס צוּ זֵיין חַבֵר, אוּנְד וָואס טְרָאגְט קֵיין שׁוּם שַׁאנְד אִיבֶּער זֵיין פְרֵיינְד: 4 אוּנְד אִין וֶועמֶענְס אוֹיגֶען דֶער פֶערְאַכְטֶעטֶער אִיז פֶערְמִיאוּסְט, אָבֶּער עֶר הַאלְט בְּכָבוֹד דִיא וָואס הָאבֶּען מוֹרָא פַאר דֶעם הַאר, עֶר שְׁוֶוערְט אוּנְד טְהוּט זִיךְ אַלֵיין שְׁלֶעכְט, אָבֶּער עֶר הָאט קֵיין חֲרָטָה: 5 אוּנְד עֶר הָאט נִיט זֵיין גֶעלְד אוֹיסְגֶעלִיעֶן אוֹיף רְוָחִים, אוּנְד עֶר הָאט אוֹיךְ נִיט גֶענוּמֶען קֵיין שֹׁחַד וֶועגֶען דֶעם אוּמְשׁוּלְדִיגֶען, דֶער וָואס טְהוּט דִיא דָאזִיגֶע זַאכֶען וֶועט זִיךְ קֵיינְמָאל נִיט אוֹיסְגְלִיטְשֶׁען:

תהלים טז

1 אַ לִיבְּלִיכֶער גֶעזַאנְג פוּן דָוִד,—הִיט מִיךְ אָ גָאט, וָוארִין אִיךְ בֶּעשִׁיץ מִיךְ אִין דִיר: 2 דוּא (מֵיינֶע זֶעלֶע) הָאסְט גֶעזָאגְט צוּ יְהוָֹה, דוּא בִּיסְט מֵיין הַאר, מֵיינֶע גוּטְקֵייט לַאנְגְט נִיט צוּ דִיר: 3 צוּ דִיא הֵיילִיגֶע וָואס זֶענֶען אוֹיף דֶער עֶרְד, אוּנְד צוּ דִיא שְׁטַארְקֶע אַן וֶועלְכֶע אִיז מֵיינֶע גַאנְצֶע לוּסְט: 4 לָאזֶען זֵיירֶע טְרוֹיעֶרִיגְקֵייטֶען פֶערְמֶעהְרְט וֶוערֶען וָואס אֵיילֶען זִיךְ נָאךְ אַנְדֶערֶע (גֶעטֶער), אִיךְ וֶועל נִיט גִיסֶען זֵיירֶע טְרִינְק־אָפְּפֶער פוּן בְּלוּט, אוּנְד אִיךְ וֶועל אוֹיךְ נִיט אוֹיפְנֶעמֶען זֵיירֶע נֶעמֶען אוֹיף מֵיינֶע לֶעפְצֶען: 5 דֶער הַאר אִיז דִיא גָאבּ פוּן מֵיין חֵלֶק, אוּנְד פוּן מֵיין כּוֹס, דוּא וֶועסְט מִיךְ דֶערְהַאלְטֶען אִין מֵיין גוֹרָל: 6 דִיא טֵיילֶען זֶענֶען מִיר צוּגֶעפַאלֶען מִיט זִיסְקֵייט, אִיךְ הָאבּ אַפִילוּ אַ שֵׁיינֶע נַחֲלָה אוֹיף מִיר: 7 אִיךְ וֶועל בֶּענְשֶׁען דֶעם הַאר

8 יְעָצָנִי אַף־לֵילוֹת יִסְּרוּנִי כִלְיוֹתָי׃ שִׁוִּיתִי יְהֹוָה לְנֶגְדִּי תָמִיד
9 כִּי מִימִינִי בַּל־אֶמּוֹט׃ לָכֵן ׀ שָׂמַח לִבִּי וַיָּגֶל כְּבוֹדִי אַף־
י בְּשָׂרִי יִשְׁכֹּן לָבֶטַח׃ כִּי ׀ לֹא־תַעֲזֹב נַפְשִׁי לִשְׁאוֹל לֹא־
11 תִתֵּן חֲסִידְךָ לִרְאוֹת שָׁחַת׃ תּוֹדִיעֵנִי אֹרַח חַיִּים שֹׂבַע
שְׂמָחוֹת אֶת־פָּנֶיךָ נְעִמוֹת בִּימִינְךָ נֶצַח׃

יז

יז

א תְּפִלָּה לְדָוִד שִׁמְעָה יְהֹוָה ׀ צֶדֶק הַקְשִׁיבָה רִנָּתִי הַאֲזִינָה
2 תְפִלָּתִי בְּלֹא שִׂפְתֵי מִרְמָה׃ מִלְּפָנֶיךָ מִשְׁפָּטִי יֵצֵא עֵינֶיךָ
3 תֶּחֱזֶינָה מֵישָׁרִים׃ בָּחַנְתָּ לִבִּי ׀ פָּקַדְתָּ לַּיְלָה צְרַפְתַּנִי בַל־
4 תִּמְצָא זַמֹּתִי בַּל־יַעֲבָר־פִּי׃ לִפְעֻלּוֹת אָדָם בִּדְבַר שְׂפָתֶיךָ
ה אֲנִי שָׁמַרְתִּי אָרְחוֹת פָּרִיץ׃ תָּמֹךְ אֲשֻׁרַי בְּמַעְגְּלוֹתֶיךָ בַּל־
6 נָמוֹטּוּ פְעָמָי׃ אֲנִי קְרָאתִיךָ כִי־תַעֲנֵנִי אֵל הַט־אָזְנְךָ לִי
7 שְׁמַע אִמְרָתִי׃ הַפְלֵה חֲסָדֶיךָ מוֹשִׁיעַ חוֹסִים מִמִּתְקוֹמְמִים
8 בִּימִינֶךָ׃ שָׁמְרֵנִי כְּאִישׁוֹן בַּת־עָיִן בְּצֵל כְּנָפֶיךָ תַּסְתִּירֵנִי׃
9 מִפְּנֵי רְשָׁעִים זוּ שַׁדּוּנִי אֹיְבַי בְּנֶפֶשׁ יַקִּיפוּ עָלָי׃ חֶלְבָּמוֹ
11 סָּגְרוּ פִּימוֹ דִּבְּרוּ בְגֵאוּת׃ אַשֻּׁרֵינוּ עַתָּה סְבָבוּנוּ עֵינֵיהֶם
12 יָשִׁיתוּ לִנְטוֹת בָּאָרֶץ׃ דִּמְיֹנוֹ כְּאַרְיֵה יִכְסוֹף לִטְרֹף וְכִכְפִיר
13 יֹשֵׁב בְּמִסְתָּרִים׃ קוּמָה יְהֹוָה קַדְּמָה פָנָיו הַכְרִיעֵהוּ פַּלְּטָה
14 נַפְשִׁי מֵרָשָׁע חַרְבֶּךָ׃ מִמְתִים יָדְךָ ׀ יְהֹוָה מִמְתִים מֵחֶלֶד
חֶלְקָם בַּחַיִּים וּצְפִינְךָ תְּמַלֵּא בִטְנָם יִשְׂבְּעוּ בָנִים וְהִנִּיחוּ
טו יִתְרָם לְעוֹלְלֵיהֶם׃ אֲנִי בְּצֶדֶק אֶחֱזֶה פָנֶיךָ אֶשְׂבְּעָה בְהָקִיץ
תְּמוּנָתֶךָ׃

יח

יח

א לַמְנַצֵּחַ ׀ לְעֶבֶד יְהֹוָה לְדָוִד אֲשֶׁר דִּבֶּר ׀ לַיהֹוָה אֶת־דִּבְרֵי
הַשִּׁירָה הַזֹּאת בְּיוֹם ׀ הִצִּיל־יְהֹוָה אוֹתוֹ מִכַּף כָּל־אֹיְבָיו
וּמִיַּד שָׁאוּל׃
2 וַיֹּאמַר אֶרְחָמְךָ יְהֹוָה חִזְקִי׃
3 יְהֹוָה

וָואס הָאט מִיר אֵיינֶע (גוּטֶע) עֵצָה גֶעגֶעבֶּען, אַפִילוּ בֵּייא נַאכְט אוּנְטֶערְרִיכְטֶען מִיךְ מֵיינֶע נִירֶען: 8 אִיךְ הָאבּ דֶעם הַאר תָּמִיר פָאר מִיר, וָוארִין עֶר אִיז בֵּייא מֵיינֶע רֶעכְטֶע הַאנְד אוּנְד אִיךְ וֶועל מִיךְ נִיט אוֹיסְגְלִיטְשֶׁען: 9 דָארוּם פְרֵייט זִיךְ מֵיין הַארְץ, אוּנְד מֵיין כָּבוֹד אִיז פְרֶעהְלִיךְ, אוֹיךְ מֵיין פְלֵיישׁ וֶועט רוּהֶען אִין זִיכֶערְהֵייט: 10 וָוארִין דוּא וֶועסְט נִיט לָאזֶען מֵיין נֶפֶשׁ אִין דֶעם שְׁאוֹל, דוּא וֶועסְט נִיט צוּגֶעבֶּען אַז דֵיין הֵיילִיגֶער זָאל זֶעהֶען דִיא פֶערְדַארְבֶּענִים: 11 דוּא וֶועסְט מִיר לָאזֶען וִוישֶען דֶעם וֶועג פוּן לֶעבֶּען, פָאר דֵיין פָּנִים אִיז זַאטוּנְג פוּן פְרֵייד, אוּנְד לִיבְּלִיכְקֵייטֶען זֶענֶען אִן דֵיינֶע רֶעכְטֶע הַאנְד בִּיז אוֹיף עֶבִּיג:

## תהלים יז

1 אַ גֶעבֶּעט פוּן דָוִד—הֶער אָ הַאר דִיא גֶערֶעכְטִיגְקֵייט, פֶערְנֶעם מֵיין שְׁרֵייעֶן אוּנְד מֵיין גֶעבֶּעט וָואס אִיז נִיט מִיט פַאלְשֶׁע לֶעפְצֶען: 2 פָאר דִיר זָאל מֵיין מִשְׁפָּט אַרוֹיסְגֶעהְן, דֵיינֶע אוֹיגֶען זֶעהֶען דִיא רֶעכְטְפַארְטִיגְקֵייט: 3 דוּא הָאסְט גֶעפְּרִיפְט מַיין הַארְץ, בֵּייא נַאכְט הָאסְט דוּא מִיךְ גֶעלֵייטֶערְט—אָבֶּער דוּא הָאסְט גָארְנִיט גֶעפוּנֶען, מֵיין טְרַאכְטֶען אִיז אַז אִיךְ זָאל נִיט עוֹבֵר זַיין מִיט מֵיין מוֹיל: 4 אָבֶּער וָואס אָנְבֶּעלַאנְגְט דִיא מַעֲשִׂים פוּן דִיא מֶענְשֶׁען דוּרְךְ דֶעם וָוארְט פוּן דֵיינֶע לֶעפְצֶען, אִיךְ הָאבּ מִיךְ גֶעהִיט פוּן דֶעם וֶועג פוּן דֶעם פֶערְבְּרֶעכֶער (רוֹיבֶּער): 5 אוּנְטֶערְהַאלְט מֵיינֶע שְׁרִיט אִין דֵיינֶע שְׁטֶעגֶען, כְּדֵי מֵיינֶע טְרִיט זָאלֶען זִיךְ נִיט אוֹיסְגְלִיטְשֶׁען: 6 אִיךְ רוּף דִיךְ אָן, וָוארִין דוּא וֶועסְט מִיר עֶנְטְפֶערְן, אָ גָאט נֵייג דֵיין אוֹיעֶר צוּ מִיר, אוּנְד הֶער מֵיינֶע וֶוערְטֶער: 7 בֶּעוֵוייז דֵיינֶע וְואוּנְדֶערְלִיכֶע חֲסָדִים, אָ דוּא וָואס הֶעלְפְסְט דִיא וָואס זוּכֶען בֶּעשִׁיצוּנְג אִין דֵיינֶע רֶעכְטֶע הַאנְד קֶעגֶען דִיא (פֵיינְד) וָואס שְׁטֶעהְן אוֹיף: 8 הִיט מִיךְ וִויא אֵיין אוֹיג־אַפֶּעל, אִין דֶעם שָׁאטֶען פוּן דֵיינֶע פְלִיגֶעל זָאלְסְט דוּא מִיךְ בֶּעהַאלְטֶען: 9 פָאר דִיא דָאזִיגֶע רְשָׁעִים וָואס בֶּערוֹיבֶּען מִיךְ, מֵיינֶע פֵיינְד וָואס רִינְגֶעלְן מִיךְ אַרוּם מֵיין לֶעבֶּען אַוֶועק צוּ נֶעמֶען: 10 זֵייא זֶענֶען אֵיינְגֶעשְׁלָאסֶען אִין זֵייעֶר אֵייגֶען פֶעט, זֵייעֶר מוֹיל רֶעט מִיט גַאֲוָה: 11 זֵייא הָאבֶּען אַצוּנְד אוּמְגֶערוּנְגֶען אוּנְזֶערֶע שְׁרִיט, זֵייא הָאבֶּען זֵיירֶע אוֹיגֶען גֶעטְהוּן אוּם זִיךְ אוֹיסְצוּשְׁפְּרֵייטֶען אוֹיף דֶער עֶרְד: 12 אַזוֹי וִויא אַ לֵייבּ וָואס גְלוּסְט צוּ פֶערְצוּקֶען, אוּנְד אַזוֹי וִויא אַ יוּנְגֶער לֵייבּ וָואס לוֹיעֶרְט אִין דֶעם פֶערְבָּארְגֶענֶעם: 13 שְׁטֶעה אוֹיף אָ הַאר, שְׁטֶעל דִיךְ פָאר זֵיין פָּנִים, מַאךְ אִיהְם אַנִידֶער קְנִיעֶן, זֵייא מַצִּיל מֵיין נֶפֶשׁ פוּן דֶעם רָשָׁע מִיט דֵיין שְׁוֶוערְד: 14 (זֵייא מִיךְ מַצִּיל) פוּן דִיא מֶענְשֶׁען מִיט דֵיינֶער הַאנְד, אָ הַאר!—פוּן דִיא וֶועלְט־מֶענְשֶׁען וָואס הָאבֶּען זֵייעֶר חֵלֶק אִין דִיזֶען לֶעבֶּען, אוּנְד וָואס דוּא מַאכְסְט פוּל זֵייעֶר בּוֹיךְ מִיט דִיא פֶערְבָּארְגֶענֶע זַאכֶען, זֵייא הָאבֶּען זִיךְ זַאט גֶעמַאכְט מִיט קִינְדֶער, אוּנְד לָאזֶען אִיבֶּער זֵייעֶר פֶערְמֶעגֶען צוּ זֵיירֶע יוּנְגֶע קִינְדֶער: 15 אָבֶּער אִיךְ,—אִין גֶערֶעכְטִיגְקֵייט וֶועל אִיךְ אָנְזֶעהֶען דֵיין פָּנִים, אִיךְ וֶועל זַאט זֵיין וֶוען אִיךְ וֶועל אוֹיפְוַואכֶען אִין דֵיינֶע גֶעשְׁטַאלְט:

## תהלים יח

1 צוּ דֶעם גֶעזַאנְג מֵייסְטֶער—פוּן דֶעם קְנֶעכְט פוּן דֶעם הַאר—דָוִד, וָואס הָאט גֶערֶעט צוּ דֶעם הַאר דִיא וֶוערְטֶער פוּן דֶעם דָאזִיגֶען גֶעזַאנְג, אַן דֶעם טָאג וֶוען דֶער הַאר הָאט אִיהְם מַצִּיל גֶעוֶועזֶען אוֹיס דֶעם הַאנְד פוּן אַלֶע זֵיינֶע פֵיינְד, אוּנְד אוֹיס דֶער הַאנְד פוּן שָׁאוּל: 2 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט,—דֶער הַאר אִיז מֵיין פֶעלְז אוּנְד מֵיינֶע פֶעסְטוּנְג, אוּנְד עֶר מַאכְט מִיךְ אַנְטְרִינֶען: 3 גָאט

איז

אִיז מֵיין פֶעלְז וָואס אִיךְ בֶּעשִׁיץ מִיךְ
אִין אִיהְם, עֶר אִיז מֵיין שִׁילְד אוּנְד דָאס
הָארְן פוּן מֵיינֶע הִילְף, עֶר אִיז מֵיין
אוּנְטֶערְלֶעהְנֶער, אוּנְד מֵיינֶע אַנְטְלוֹיפוּנְג,
עֶר אִיז מֵיין הֶעלְפֶער, דוּא הֶעלְפְסְט מִיר
פוּן דִיא רוֹיבֶּערְס: 4 אִיךְ וֶועל דֶעם
הַאר אָנְרוּפֶען וָואס אִיז וֶוערְט צוּ לוֹי־
בֶּען אוּנְד אִיךְ וֶועל גֶעהָאלְפֶען וֶוערֶען
פוּן מֵיינֶע פֵיינְד: 5 וָוארִין דִיא בְּרֶע־
כֶענִים פוּן דֶעם טוֹיט הָאבֶּען מִיךְ
אַרוּמְגֶערִינְגֶעלְט, דִיא שְׁלֶעכְטֶע חַיָילוֹת
הָאבֶּען מִיךְ דֶערְשְׁרָאקֶען: 6 דִיא חַיָילוֹת
(אָדֶער שְׁטְרִיק) פוּן שְׁאוֹל הָאבֶּען מִיךְ
אַרוּמְגֶערִינְגֶעלְט, דִיא שְׁטְרוֹיכְלוּנְג פוּן
דֶעם טוֹיט זֶענֶען מִיר פָארְגֶעקוּמֶען:
7 וֶוען עֶס אִיז מִיר עֶנְג גֶעוֶועזֶען הָאבּ
אִיךְ דֶעם הַאר אָנְגֶערוּפֶען אוּנְד אִיךְ
הָאבּ גֶעבֶּעטֶען צוּ מֵיין גָאט, אוּנְד עֶר
הָאט גֶעהֶערְט מֵיין קוֹל פוּן זֵיין הֵיכָל,
אוּנְד מֵיין גֶעשְׁרֵייא אִיז גֶעקוּמֶען אִין
זֵיינֶע אוֹירֶען: 8 אוּנְד דִיא עֶרְד הָאט זִיךְ גֶעשָׁאקֶעלְט אוּנְד גֶעצִיטֶערְט, דִיא
גְרוּנְדְפֶעסְטֶען פוּן הִימֶעל הָאבֶּען גֶעצִיטֶערְט אוּנְד גֶעשְׁטוּרְמְט, וֵוייל עֶר אִיז צָארְנִיג
גֶעוֶועזֶען: 9 אַ רוֹיךְ אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען פוּן זֵיינֶע נָאז־לֶעכֶער, אוּנְד אַ פֵייעֶר פוּן
זֵיין מוֹיל הָאט פֶערְבְּרֶענְט, קוֹילֶען הָאבֶּען דַאפוּן גֶעבְּרֶענְט: 10 עֶר הָאט גֶענֵייגְט
דֶעם הִימֶעל אוּנְד אִיז אַרוּפְּגֶעקוּמֶען, אוּנְד אַ נֶעפֶּעל אִיז גֶעוֶועזֶען אוּנְטֶער זֵיינֶע
פִיס: 11 עֶר הָאט גֶערִיטֶען אוֹיף אַ כְּרוּב אוּנְד הָאט גֶעשְׁוֶועבְּט, אוּנְד עֶר הָאט
זִיךְ בֶּעוִויזֶען אוֹיף דִיא פְלִיגֶעל פוּן דֶעם ווִינְד: 12 אוּנְד עֶר הָאט גֶעמַאכְט דִיא
פִינְסְטֶערְנִיס אוּם אִיהְם אַרוּם צוּ בֵּיידְלֶעךְ (סוּכּוֹת), רֶעגֶען־וַואסֶער אוּנְד דִיקֶע
וָואלְקֶען: 13 פוּן דֶעם גְלַאנְץ וָואס אִיז קֶעגֶען אִיהְם גֶעוֶועזֶען זֶענֶען פֵייעֶרְדִיגֶע
קוֹילֶען אָנְגֶעבְּרֶענְט גֶעוָוארֶען: 14 דֶער הַאר הָאט גֶעשְׁטוּרְמְט פוּן דֶעם הִימֶעל,
אוּנְד דֶער אוֹיבֶּערְשְׁטֶער הָאט גֶעגֶעבֶּען זֵיין קוֹל הָאגֶעל אוּנְד פֵייעֶרִיגֶע קוֹילֶען:
15 עֶר הָאט אוֹיסְגֶעשִׁיקְט זֵיינֶע פֵיילֶען אוּנְד עֶר הָאט זֵייא פֶערְשְׁפְּרֵייט, עֶר הָאט
גֶעלָאזְט בְּלִיצֶען אוּנְד עֶר הָאט זֵייא פֶערְטוּמֶעלְט: 16 אוּנְד דִיא טִיפֶענִים פוּן
דֶעם יַם זֶענֶען גֶעזֶעהֶען גֶעוָוארֶען, דִיא גְרוּנְדְפֶעסְטֶען פוּן דֶער וֶועלְט זֶענֶען אַנְטְ־
פְּלֶעקְט גֶעוָוארֶען, דוּרְךְ דֶעם אָנְשְׁרֵייעֶן פוּן דֶעם הַאר וֶועגֶען זֵיין שְׁטַארְקֶען צָארְן:
17 עֶר הָאט גֶעשִׁיקְט פוּן דֶער הֵייךְ (הִימֶעל), אוּנְד עֶר הָאט מִיךְ גֶענוּמֶען, עֶר
הָאט מִיךְ אַרוֹיסְגֶעצוֹיגֶען פוּן פִילֶע וַואסֶער: 18 עֶר הָאט מִיךְ מַצִיל גֶעוֶועזֶען פוּן
מֵיינֶע שְׁטַארְקֶע פֵיינְד, פוּן מֵיינֶע שׂוֹנְאִים וָואס זֶענֶען שְׁטַארְקֶער פוּן מִיר: 19 זֵייא
זֶענֶען מִיר צוּפָארְגֶעקוּמֶען אִין דֶעם טָאג פוּן בְּרָאךְ, אָבֶּער דֶער הַאר אִיז גֶעוֶועזֶען
מֵיינֶע אוּנְטֶערְלֶעהְנוּנְג: 20 אוּנְד עֶר הָאט מִיךְ אַרוֹיסְגֶעבְּרַאכְט אִין אַ בְּרֵייטֶען אָרְט,

סַלְעִי וּמְצוּדָתִי וּמְפַלְטִי אֵלִי צוּרִי אֶחֱסֶה־
בּוֹ מָגִנִּי וְקֶרֶן יִשְׁעִי מִשְׂגַּבִּי: מְהֻלָּל 4
אֶקְרָא יְהוָה וּמִן־אֹיְבַי אִוָּשֵׁעַ: אֲפָפוּנִי חֶבְלֵי־ ה
מָוֶת וְנַחֲלֵי בְלִיַּעַל יְבַעֲתוּנִי: חֶבְלֵי 6
שְׁאוֹל סְבָבוּנִי קִדְּמוּנִי מוֹקְשֵׁי
מָוֶת: בַּצַּר־לִי ׀ אֶקְרָא יְהוָה וְאֶל־ 7
אֱלֹהַי אֲשַׁוֵּעַ יִשְׁמַע מֵהֵיכָלוֹ
קוֹלִי וְשַׁוְעָתִי לְפָנָיו ׀ תָּבוֹא בְאָזְנָיו: וַתִּגְעַשׁ 8
וַתִּרְעַשׁ ׀ הָאָרֶץ וּמוֹסְדֵי הָרִים
יִרְגָּזוּ וַיִּתְגָּעֲשׁוּ כִּי חָרָה לוֹ: עָלָה 9
עָשָׁן ׀ בְּאַפּוֹ וְאֵשׁ מִפִּיו
תֹּאכֵל גֶּחָלִים בָּעֲרוּ מִמֶּנּוּ: וַיֵּט י
שָׁמַיִם וַיֵּרַד וַעֲרָפֶל תַּחַת
רַגְלָיו: וַיִּרְכַּב עַל־כְּרוּב וַיָּעֹף וַיֵּדֶא 11
עַל־כַּנְפֵי־רוּחַ: יָשֶׁת חֹשֶׁךְ ׀ סִתְרוֹ סְבִיבוֹתָיו 12
סֻכָּתוֹ חֶשְׁכַת־מַיִם עָבֵי שְׁחָקִים: מִנֹּגַהּ 13
נֶגְדּוֹ עָבָיו עָבְרוּ בָּרָד וְגַחֲלֵי־
אֵשׁ: וַיַּרְעֵם בַּשָּׁמַיִם ׀ יְהוָה וְעֶלְיוֹן 14
יִתֵּן קֹלוֹ בָּרָד וְגַחֲלֵי־
אֵשׁ: וַיִּשְׁלַח חִצָּיו וַיְפִיצֵם וּבְרָקִים טו
רָב וַיְהֻמֵּם: וַיֵּרָאוּ ׀ אֲפִיקֵי 16
מַיִם וַיִּגָּלוּ מוֹסְדוֹת תֵּבֵל מִגַּעֲרָתְךָ
יְהוָה מִנִּשְׁמַת רוּחַ אַפֶּךָ: יִשְׁלַח מִמָּרוֹם 17
יִקָּחֵנִי יַמְשֵׁנִי מִמַּיִם רַבִּים: יַצִּילֵנִי 18
מֵאֹיְבִי עָז וּמִשֹּׂנְאַי כִּי־אָמְצוּ
מִמֶּנִּי: יְקַדְּמוּנִי בְיוֹם אֵידִי וַיְהִי 19
יְהוָה לְמִשְׁעָן לִי: וַיּוֹצִיאֵנִי לַמֶּרְחָב כ

ער

21 יְחַלְּצֵנִי כִּי חָפֵץ בִּי: יִגְמְלֵנִי
יְהוָה כְּצִדְקִי כְּבֹר יָדַי יָשִׁיב
22 לִי: כִּי־שָׁמַרְתִּי דַּרְכֵי יְהוָה וְלֹא
23 רָשַׁעְתִּי מֵאֱלֹהָי: כִּי כָל־מִשְׁפָּטָיו
24 לְנֶגְדִּי וְחֻקֹּתָיו לֹא־אָסִיר מֶנִּי: וָאֱהִי
כה תָמִים עִמּוֹ וָאֶשְׁתַּמֵּר מֵעֲוֹנִי: וַיָּשֶׁב־יְהוָה לִי
26 כְצִדְקִי כְּבֹר יָדַי לְנֶגֶד עֵינָיו: עִם־
חָסִיד תִּתְחַסָּד עִם־גְּבַר תָּמִים
27 תִּתַּמָּם: עִם־נָבָר תִּתְבָּרָר וְעִם־
28 עִקֵּשׁ תִּתְפַּתָּל: כִּי־אַתָּה עַם־עָנִי
29 תוֹשִׁיעַ וְעֵינַיִם רָמוֹת תַּשְׁפִּיל: כִּי־
אַתָּה תָּאִיר נֵרִי יְהוָה אֱלֹהַי יַגִּיהַּ
ל חָשְׁכִּי: כִּי־בְךָ אָרֻץ גְּדוּד וּבֵאלֹהַי
31 אֲדַלֶּג־שׁוּר: הָאֵל תָּמִים
דַּרְכּוֹ אִמְרַת יְהוָה צְרוּפָה מָגֵן
32 הוּא לְכֹל ׀ הַחֹסִים בּוֹ: כִּי מִי אֱלוֹהַּ מִבַּלְעֲדֵי
33 יְהוָה וּמִי־צוּר זוּלָתִי אֱלֹהֵינוּ: הָאֵל
הַמְאַזְּרֵנִי חָיִל וַיִּתֵּן תָּמִים
34 דַּרְכִּי: מְשַׁוֶּה רַגְלַי כָּאַיָּלוֹת וְעַל
לה בָּמֹתַי יַעֲמִידֵנִי: מְלַמֵּד יָדַי
36 לַמִּלְחָמָה וְנִחֲתָה קֶשֶׁת־נְחוּשָׁה זְרוֹעֹתָי: וַתִּתֶּן
לִי מָגֵן יִשְׁעֶךָ וִימִינְךָ תִסְעָדֵנִי וְעַנְוַתְךָ
37 תַרְבֵּנִי: תַּרְחִיב צַעֲדִי תַחְתָּי וְלֹא
38 מָעֲדוּ קַרְסֻלָּי: אֶרְדּוֹף אוֹיְבַי
39 וְאַשִּׂיגֵם וְלֹא־אָשׁוּב עַד־כַּלּוֹתָם: אֶמְחָצֵם
וְלֹא־יֻכְלוּ קוּם יִפְּלוּ תַּחַת
מ רַגְלָי: וַתְּאַזְּרֵנִי חַיִל לַמִּלְחָמָה תַּכְרִיעַ
41 קָמַי תַּחְתָּי: וְאֹיְבַי נָתַתָּה לִּי

ער האט מיך ארויסגעצויגען, ווייל ער
האט לוסט אן מיר:
21 גאט האט מיך
בעלוינט נאך מיינע גערעכטיגקייט, נאך
דיא ריינהייט פון מיינע הענד האט ער
צו מיר אומגעקערט:
22 ווארין איך
האב געהיט דיא וועגען פון דעם האר,
אונד איך בין ניט מיט שלעכטיגקייט
אפגעטרעטען פון מיין גאט:
23 ווארין
אלע זיינע משפטים זענען פאר מיר,
אונד זיינע געזעץ האב איך ניט אפ־
געטהון פון פאר מיר:
24 אונד איך
בין אויך געוועזען גאנץ (אויפריכטיג)
פאר איהם, אונד איך האב מיך געהיט
פון מיינע זינד:
25 אונד דער האר
האט מיר אומגעקערט נאך מיינע גע־
רעכטיגקייט, נאך מיינע ריינהייט אין
זיינע אויגען:
26 מיט דעם גנעדיגען
(חסיד) וועסט דוא טהון חסד, אונד מיט
דעם אויפריכטיגען מאן האסט דוא דיך
אויפריכטיג בעוויזען:
27 מיט דעם
ריינעם וועסט דוא דיך אין ריינהייט בעווייזען, אבער מיט דעם פערקרימטען
וועסט דוא דיך אויך בעווייזען אלס ווידערשטרייטער:
28 אונד דעם ארעמען
פאלק וועסט דוא העלפען, אבער דיינע אויגען זענען איבער דיא הויכמיטיגען,
אז דוא זאלסט זייא נידעריג מאכען:
29 ווארין דוא ביזט מיין ליכט, דער האר
גאט וועט דערלייכטען מיינע פינסטערנים:
30 ווארין דורך דיר קען איך לויפען
קעגען א חיל, אונד דורך מיין גאט קען איך איבער א מויער שפרינגען:
31 אבער וואס גאט אנבעטרעפט, זיין וועג איז גאנץ (פאלקאמען), דאס
ווארט פון דעם האר איז געלייטערט, ער איז א בעשיצונג צו אלע וואס פערד
טרויען אין איהם:
32 ווארין ווער איז גאט חוץ דער האר? אונד ווער איז א
פעלז חוץ אונזער גאט?
33 גאט איז מיינע שטארקהייט אונד קראפט, אונד ער
מאכט מיין וועג גאנץ פאלקאמען:
34 ער האט געמאכט גראד מיינע פים וויא
דיא פים פון א הינדין, אונד אויף מיינע הויכע ערטער האט ער מיך געשטעלט:
35 ער לערנט מיינע הענד מלחמה צו האלטען, אונד מיינע ארעמס בייגען א
קופערנעם בויגען:
36 אונד דוא האסט מיר געגעבען דאס שילד (פאנצער) פון
דיינע הילף, אונד דיינע דעמיטיגקייט האט מיך גרוים געמאכט:
37 דוא האסט
דערברייטערט מיינע טריט הינטער מיר, אונד מיינע קנעכעל האבען זיך ניט
אויסגעגליטשט:
38 איך האב נאכגעיאגט מיינע פיינד אונד האב זייא פערטילגט,
אונד בין ניט צוריקגעקומען ביז איך האב פון זייא אן ענד געמאכט:
39 איך
וועל זייא פערוואונדען אז זייא וועלען ניט קענען אויפשטעהן, זייא זענען
געפאלען אונטער מיינע פים:
40 אונד דוא האסט מיך אנגעגארטעלט
מיט קראפט צו דער מלחמה, דוא האסט אונטערטעניג געמאכט דיא
וואס זענען אונטער מיר אויפגעשטאנען:
41 דוא האסט מיר אויך געגעבען
דעם

דֶעם נַאקֶען פוּן מֵיינֶע פֵיינְד, אַז אִיךְ
זָאל פֶערְשְׁנֵיידֶען דִיא וָואס הָאבֶּען מִיךְ
פֵיינְד: 42 זֵייא הָאבֶּען גֶעשְׁרִיעֶן, אָבֶּער
עֶס הָאט זֵייא קֵיינֶער נִיט גֶעהָאלְפֶען,
אוּנְד אַפִילוּ צוּ דֶעם הַאר אָבֶּער עֶר
הָאט זֵייא נִיט גֶעעֶנְטְפֶערְט: 43 אוּנְד
אִיךְ הָאבּ זֵייא צוּמָאלֶען וִויא דֶעם
שְׁטוֹיבּ פוּן דֶער עֶרְד, אִיךְ הָאבּ זֵייא
צוּשְׁטוֹיסֶען אוּנְד צוּטְרֶעטֶען וִויא דֶעם
לֵיים פוּן דֶער גַאס: 44 אוּנְד דוּא הָאסְט
מִיךְ גֶעמַאכְט אַנְטְרִינֶען פוּן דִיא קְרִיגֶער
פוּן מֵיין פָאלְק, דוּא הָאסְט מִיךְ גֶעמַאכְט
אַז אִיךְ זָאל זֵיין אַ רֹאשׁ אִיבֶּער דִיא
גוֹיִם, אַ פָאלְק וָואס אִיךְ הָאבּ נִיט גֶע־
קֶענְט זָאלֶען מִיךְ דִינֶען: 45 נָאךְ דֶעם
הֶערֶען מִיט זֵייעֶר אוֹיעֶר וֶועלֶען זֵייא
מִיךְ גֶעהָארְכֶען (מֵחֲמַת מוֹרָא), דִיא
קִינְדֶער פוּן פְרֶעמְדֶע וֶועלֶען צוּ מִיר
לֵייקֶענֶען: 46 קִינְדֶער פוּן פְרֶעמְדֶע
וֶועלֶען פֶערְוֶועלְקֶען, זֵייא וֶועלֶען מוֹרָא
הָאבֶּען פוּן זֵיירֶע פֶערְשְׁלִיסוּנְגֶען:
47 דֶער הַאר לֶעבְּט, אוּנְד גֶעבֶּענְשְׁט
אִיז מֵיין פֶעלְז, אוּנְד דֶערְהוֹיבֶּען אִיז גָאט דֶער בֶּעשֶׁעפֶער פוּן מֵיינֶער הִילְף: 48 עֶר
אִיז דֶער גָאט וָואס גֶעט נְקָמוֹת צוּ מִיר, אוּנְד עֶר מַאכְט פֶעלְקֶער צוּ מִיר אוּנְטֶערְטֶענִיג:
49 אוּנְד עֶר צִיהְט מִיךְ אַרוֹיס פוּן מֵיינֶע פֵיינְד, אוּנְד אִיבֶּער דִיא וָואס שְׁטֶעהֶען אוֹיף
קֶעגֶען מִיר הָאסְט דוּא מִיךְ דֶערְהוֹיבֶּען; דוּא הָאסְט מִיךְ מַצִיל גֶעוֶועזֶען פוּן דֶעם
רוֹיבֶּערִישֶׁען מַאן: 50 דָארִיבֶּער וֶועל אִיךְ דִיךְ לוֹיבֶּען, אָ הַאר, אוּנְטֶער דִיא גוֹיִם,
אוּנְד אִיךְ וֶועל זִינְגֶען צוּ דֵיין נָאמֶען: 51 עֶר מַאכְט גְרוֹיס דִיא הִילְף פוּן זֵיין מֶלֶךְ,
אוּנְד עֶר טְהוּט חֶסֶד צוּ זֵיין גֶעזַאלְבְּטֶען, צוּ דָוִד אוּנְד צוּ זֵיין זָאמֶען בִּיז אוֹיף עֶבִּיג:

תהלים יט

1 צוּ דֶעם זִינְגֶער—אַ גֶעזַאנְג פוּן דָוִד: 2 דִיא הִימֶעל דֶערְצֶעהְלֶען דֶעם כָּבוֹד פוּן
גָאט, אוּנְד דִיא מַעֲשִׂים פוּן זֵיינֶע הֶענְד זָאגְט אָן דִיא אוֹיסְבְּרֵייטוּנְג (רָקִיעַ): 3 אֵיין
טָאג זָאגְט אָן דִיא רֶעד צוּ דֶעם אַנְדֶערְן טָאג, אוּנְד אֵיינֶע נַאכְט זָאגְט אָן דִיא וִויסֶענְ־
שַׁאפְט צוּ דִיא אַנְדֶערֶע נַאכְט: 4 עֶס אִיז נִיט פֶערְהַאנְדֶען אַ וָוארְט, אוּנְד קֵיינֶע
וֶוערְטֶער וָואס מֶען הֶערְט נִיט זֵייעֶר קוֹל: 5 זֵיירֶע שְׁנוּר אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען אִין דֶער
גַאנְצֶער וֶועלְט, אוּנְד זֵייעֶר וָוארְט בִּיז צוּם עֶק פוּן דֶער וֶועלְט; אִין זֵייא הָאט עֶר
גֶעמַאכְט אַ גֶעצֶעלְט פַאר דֶער זוּן: 6 אוּנְד עֶר אִיז וִויא אַ חָתָן וָואס גֶעהְט אַרוֹיס פוּן
זֵיינֶע חוּפָּה, עֶר פְרֵייעֶט זִיךְ וִויא אַ שְׁטַארְקֶער צוּ לוֹיפֶען דֶעם וֶועג: 7 זֵיין אַרוֹיסְ־
גֶעהְן אִיז פוּן דֶעם עֶק הִימֶעל, אוּנְד זֵיין אַרוּמְרִינְגֶעלְן בִּיז צוּם אַנְדֶערְן עֶק, אוּנְד עֶס
אִיז גָארְנִיט פֶערְבָּארְגֶען פָאר זֵיינֶע הִיץ: 8 דִיא תּוֹרָה פוּן דֶעם הַאר אִיז גַאנְץ, אוּנְד
בֶּעקֶעהְרְט דִיא נְשָׁמָה; דָאס עֵדוּת פוּן דֶעם הַאר אִיז בֶּעגְלוֹיבְּט, זִיא מַאכְט קְלוּג דֶעם
נַאר: 9 דִיא בֶּעפֶעהְלֶע פוּן דֶעם הַאר זֶענֶען אוֹיפְרִיכְטִיג, דֶערְפְרֵייעֶן דָאס הַארְץ, דִיא
מִצְוֹת פוּן דֶעם הַאר זֶענֶען לוֹיטֶער, זֵייא דֶערְלֵייכְטֶען דִיא אוֹיגֶען: 10 דִיא פוּרְכְט
פוּן דֶעם הַאר אִיז רֵיין אוּנְד בֶּעשְׁטֶעהְט אוֹיף עֶבִּיג; דִיא מִשְׁפָּטִים פוּן דֶעם הַאר זֶענֶען
אֶמֶת, אוּנְד מִיט אַנַאנְדֶער גֶערֶעכְט: 11 זֵייא זֶענֶען מֶעהְר גְלוּסְטִיג פוּן גָאלְד,
אוּנְד פִיל בֶּעסֶער וִויא פֵיינְגָאלְד, אוּנְד זִיסֶער וִויא הָאנִיג אוּנְד טְרִיפְהָאנִיג:

עָרֶף וּמְשַׂנְאַי אַצְמִיתֵם׃ יְשַׁוְּעוּ 42
וְאֵין מוֹשִׁיעַ עַל־יְהוָה וְלֹא
עָנָם׃ וְאֶשְׁחָקֵם כְּעָפָר עַל־פְּנֵי־רוּחַ כְּטִיט 43
חוּצוֹת אֲרִיקֵם׃ תְּפַלְּטֵנִי מֵרִיבֵי 44
עָם תְּשִׂימֵנִי לְרֹאשׁ גּוֹיִם עַם
לֹא־יָדַעְתִּי יַעַבְדוּנִי׃ לְשֵׁמַע אֹזֶן יִשָּׁמְעוּ מה
לִי בְּנֵי־נֵכָר יְכַחֲשׁוּ־לִי׃ בְּנֵי 46
נֵכָר יִבֹּלוּ וְיַחְרְגוּ מִמִּסְגְּרוֹתֵיהֶם׃ חַי־יְהוָה וּבָרוּךְ 47
צוּרִי וְיָרוּם אֱלוֹהֵי יִשְׁעִי׃ הָאֵל 48
הַנּוֹתֵן נְקָמוֹת לִי וַיַּדְבֵּר עַמִּים
תַּחְתָּי׃ מְפַלְּטִי מֵאֹיְבָי אַף מִן־קָמַי תְּרוֹמְמֵנִי מֵאִישׁ 49
חָמָס תַּצִּילֵנִי׃ עַל־כֵּן ׀ אוֹדְךָ בַגּוֹיִם ׀ נ
יְהוָה וּלְשִׁמְךָ אֲזַמֵּרָה׃ מַגְדִּל 51
יְשׁוּעוֹת מַלְכּוֹ וְעֹשֶׂה חֶסֶד ׀
לִמְשִׁיחוֹ לְדָוִד וּלְזַרְעוֹ עַד־עוֹלָם׃

יט

לַמְנַצֵּחַ מִזְמוֹר לְדָוִד׃ הַשָּׁמַיִם מְסַפְּרִים כְּבוֹד־אֵל א 2
וּמַעֲשֵׂה יָדָיו מַגִּיד הָרָקִיעַ׃ יוֹם לְיוֹם יַבִּיעַ אֹמֶר וְלַיְלָה 3
לְּלַיְלָה יְחַוֶּה־דָּעַת׃ אֵין אֹמֶר וְאֵין דְּבָרִים בְּלִי נִשְׁמָע 4
קוֹלָם׃ בְּכָל־הָאָרֶץ ׀ יָצָא קַוָּם וּבִקְצֵה תֵבֵל מִלֵּיהֶם לַשֶּׁמֶשׁ ה
שָׂם ׀ אֹהֶל בָּהֶם׃ וְהוּא כְּחָתָן יֹצֵא מֵחֻפָּתוֹ יָשִׂישׂ כְּגִבּוֹר 6
לָרוּץ אֹרַח׃ מִקְצֵה הַשָּׁמַיִם ׀ מוֹצָאוֹ וּתְקוּפָתוֹ עַל־קְצוֹתָם 7
וְאֵין נִסְתָּר מֵחַמָּתוֹ׃ תּוֹרַת יְהוָה תְּמִימָה מְשִׁיבַת נָפֶשׁ 8
עֵדוּת יְהוָה נֶאֱמָנָה מַחְכִּימַת פֶּתִי׃ פִּקּוּדֵי יְהוָה יְשָׁרִים 9
מְשַׂמְּחֵי־לֵב מִצְוַת יְהוָה בָּרָה מְאִירַת עֵינָיִם׃ יִרְאַת יְהוָה ׀ י
טְהוֹרָה עוֹמֶדֶת לָעַד מִשְׁפְּטֵי־יְהוָה אֱמֶת צָדְקוּ יַחְדָּו׃
הַנֶּחֱמָדִים מִזָּהָב וּמִפַּז רָב וּמְתוּקִים מִדְּבַשׁ וְנֹפֶת צוּפִים׃ 11

הָאט זִיךְ אִין דִיר בֶּעהֶעפְט, דֵיינֶע רֶעכְטֶע
הַאנְד הָאט מִיךְ אוּנְטֶערְגֶעלֶעהְנְט: 10 װֶען
זֵייא װֶעלֶען זוּכֶען מֵיין נֶפֶשׁ צוּ פֶערְװִיסְ־
טֶען, װֶעלֶען זֵייא אַרוּפְּנִידֶערְן אִין דֶעם
אָפְּגְרוּנְד פוּן דֶער עֶרְד: 11 זֵייא װֶעלֶען
פַאלֶען דוּרְךְ דֶעם שְׁװֶערְד, זֵייא װֶעלֶען
זֵיין אַ טֵייל פַאר דִיא פוּקְסֶען: 12 אָבֶּער
דֶער קֶענִיג װֶעט זִיךְ פְרֵייעֶן אִין גָאט, אִיטְ־
לִיכֶער װָאס שְׁװֶערְט בֵּייא אִיהְם װֶעט זִיךְ
רִיהְמֶען, װָארִין דָאס מוֹיל פוּן דִיא װָאס
רֶעדֶען פַאלְשׁ װֶעט פֶערְשְׁטָאפְּט װֶערֶען:

## תהלים סד

1 צוּ דֶעם זִינְגֶער, — אַ גֶעזַאנְג פוּן דָוִד:
2 אָ גָאט, הֶער מֵיין קוֹל אִין מֵיין קְלָאגֶען,
פַאר מוֹרָא פוּן דֶעם פֵיינְד זָאלְסְט דוּא מֵיין
לֶעבֶּען הִיטֶען: 3 דוּא זָאלְסְט מִיךְ פֶערְ־
בָּארְגֶען פוּן דֶעם סוֹד פוּן דִיא שְׁלֶעכְטֶע
(מֶענְשֶׁען), פוּן דֶער פֶערְזַאמְלוּנְג פוּן דִיא
װָאס טְהוּן אוּמְרֶעכְט: 4 װֶעלְכֶע הָאבֶּען
זֵייעֶר צוּנְג גֶעשַׁארְפְט װִיא אַ שְׁװֶערְד, זֵייא
הָאבֶּען גֶעטְרָאגֶען (גֶעשְׁפַּאנְט) זֵייעֶרֶע
פֵייל, (אוּנְד רֶעדֶען) גִיפְטִיגֶע װֶערְטֶער:
5 כְּדֵי צוּ שִׁיסֶען דֶעם אוּנְשׁוּלְדִיגֶען
אִים פֶערְבָּארְגֶענֶעם, זֵייא שִׁיסֶען אִיהְם
פְּלוּצְלִינְג, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען קֵיין מוֹרָא: 6 זֵייא מַאכֶען שְׁטַארְק דָאס שְׁלֶעכְטֶע װָארְט,
זֵייא רֶעדֶען זִיךְ אָפּ בֵּייא נֶעצֶען זִיךְ צוּ בֶּעהַאלְטֶען, אוּנְד זֵייא זָאגֶען, װֶער װֶעט דָאס זֶע־
הֶען? 7 זֵייא זוּכֶען אוֹיס אוּנְגֶערֶעכְטִיגְקֵייטֶען, מִיר זֶענֶען פַארְטִיג, עֶס אִיז גוּט אוֹיסְגֶעזוּכְט
(אוֹיסְגֶעטְרַאכְט), אוּנְד דָאס אִינֶעװֶענִיגְסְטֶע פוּן אִיטְלִיכֶען מֶענְשׁ אוּנְד דָאס הַארְץ אִיז טִיף:
8 אָבֶּער גָאט װַארְפְט אוֹיף זֵייא אַ פֵייל, פְּלוּצְלִינְג אִיז גֶעװֶעזֶען זֵייעֶרֶע װאוּנְדֶען: 9 אוּנְד
זֵייעֶרֶע אֵייגֶענֶע צוּנְגֶען מַאכֶען זֵייא שְׁטְרוֹיכְלֶען, אַלֶע װָאס זֶעהֶען זֵייא פֶערְװָאגְלֶען זִיךְ
(לוֹיפֶען אַװֶעק): 10 אוּנְד אַלֶע מֶענְשֶׁען פָארְכְטֶען זִיךְ, אוּנְד זֵייא דֶערְצֶעהְלֶען דִיא מַעֲשִׂים
פוּן גָאט, אוּנְד װֶעגֶען זֵיינֶע מַעֲשִׂים מַאכֶען זֵייא זִיךְ קְלוּג: 11 דֶער צַדִּיק װֶעט זִיךְ פְרֵייעֶן
אִין דֶעם הַאר, אוּנְד װֶעט זִיךְ בֶּעשִׁיצֶען אוֹיף אִיהְם, אוּנְד אַלֶע װָאס הָאבֶּען רֶעכְטְפַארְטִיגֶע
הֶערְצֶער װֶעלֶען זִיךְ אִין אִיהְם רִיהְמֶען:

## תהלים סה

1 צוּ דֶעם זִינְגֶער, — אַ גֶעזַאנְג פוּן דָוִד, אַ שִׁיר (לִיד): 2 אָ גָאט, מֶען לוֹיבְּט דִיךְ אִין דֶער
שְׁטִיל אִין צִיוֹן, אוּנְד צוּ דִיר װֶערְט בֶּעצָאהְלְט אַ נֶדֶר: 3 אָ דוּא װָאס הֶערְסְט גֶעבֶּעט! צוּ
דִיר װֶעלֶען אַלֶע מֶענְשֶׁען קוּמֶען: 4 דִיא אוּנְגֶערֶעכְטֶע װֶערְטֶער זֶענֶען שְׁטַארְקֶער פוּן
מִיר, אוּנְזֶערֶע זִינְד װֶעסְט דוּא מְכַפֵּר זֵיין: 5 גֶעבֶּענְשְׁט אִיז דֶער װֶעלְכֶען דוּא װֶעהְלְסְט
אוֹיס, אוּנְד מַאכְסְט אִיהְם צוּ דִיר גֶענֶעהְנֶען, אַז עֶר זָאל װאוֹינֶען אִין דֵיין הוֹיף, מִיר װֶעלֶען
זַאט װֶערֶען פוּן דֶעם גוּטֶען פוּן דֵיין הוֹיז, פוּן דִיא הֵיילִיגְקֵייט פוּן דֵיין פַּאלַאסְט: 6 מִיט
פָארְכְטִיגֶע גֶערֶעכְטִיגְקֵייט זָאלְסְט דוּא אוּנְס עֶנְטְפֶערְן, אָ גָאט פוּן אוּנְזֶערֶע הִילְף, דִיא
פֶערְזִיכֶערוּנְג פוּן אַלֶע עֶנְדֶען פוּן דֶער עֶרְד, אוּנְד פוּן דִיא װֵייטֶע יַמִּים: 7 עֶר בֶּעפֶעסְטִיגְט
דִיא בֶּערְג מִיט זֵיין כֹּחַ, עֶר אִיז אָנְגֶעגִירְט מִיט שְׁטַארְקְהֵייט: 8 עֶר שְׁטִילְט דִיא רוֹישׁוּנְג פוּן
דִיא יַמִּים, דִיא רוֹישׁוּנְג פוּן זֵייעֶרֶע אִינְדֶען (װֶעלְלֶען), אוּנְד דָאס גֶעטוּמֶעל פוּן דִיא פֶעלְקֶער:
9 אוּנְד דִיא װָאס װאוֹינֶען אִין דִיא עֶנְדֶען (פוּן דֶער װֶעלְט) פָארְכְטֶען זִיךְ פָאר דֵיינֶע װאוּנְדֶערְ־
צֵייכֶען, דִיא אוֹיסְגֶענְג פוּן מָארְגֶען אוּנְד אָבֶענְד מַאכְסְט דוּא זִינְגֶען: 10 דוּא הָאסְט גֶעדֶענְקְט
אַן דִיא עֶרְד אוּנְד הָאסְט זִיא אָנְגֶעטְרֶענְקְט, דוּא הָאסְט זִיא זֶעהְר רֵייךְ גֶעמַאכְט, דִיא טֵייכֶען
פוּן גָאט זֶענֶען פוּל מִיט װַאסֶער, דוּא הָאסְט אָנְגֶעבְּרֵייט זֵייעֶר קָארְן, װָארִין אַזוֹי הָאסְט דוּא
זִיא (דִיא עֶרְד) צוּגֶעבְּרֵייט: 11 דוּא טְרִינְקְסְט אָן אִיהְרֶע בֶּעטֶען (בֶּערְגְלֶעךְ), דוּא מַאכְסְט
גְרָאד אִיהְר גֶעאַקֶערְטֶעס, דוּא מַאכְסְט זִיא װֵייךְ דוּרְךְ שְׁפְּרֵייא־רֶעגֶען, דוּא בֶּענְשְׁסְט
אִיהרע

נַפְשִׁי אַחֲרֶיךָ בִּי תָּמְכָה יְמִינֶךָ׃ וְהֵמָּה לְשׁוֹאָה יְבַקְשׁוּ י
נַפְשִׁי יָבֹאוּ בְּתַחְתִּיּוֹת הָאָרֶץ׃ יַגִּירֻהוּ עַל־יְדֵי־חָרֶב מְנָת 11
שֻׁעָלִים יִהְיוּ׃ וְהַמֶּלֶךְ יִשְׂמַח בֵּאלֹהִים יִתְהַלֵּל כָּל־ 12
הַנִּשְׁבָּע בּוֹ כִּי יִסָּכֵר פִּי דוֹבְרֵי־שָׁקֶר׃

## סד

סד

לַמְנַצֵּחַ מִזְמוֹר לְדָוִד׃ שְׁמַע־אֱלֹהִים קוֹלִי בְשִׂיחִי מִפַּחַד א 2
אוֹיֵב תִּצֹּר חַיָּי׃ תַּסְתִּירֵנִי מִסּוֹד מְרֵעִים מֵרִגְשַׁת פֹּעֲלֵי 3
אָוֶן׃ אֲשֶׁר שָׁנְנוּ כַחֶרֶב לְשׁוֹנָם דָּרְכוּ חִצָּם דָּבָר מָר׃ 4
לִירוֹת בַּמִּסְתָּרִים תָּם פִּתְאֹם יֹרֻהוּ וְלֹא יִירָאוּ׃ יְחַזְּקוּ ה 6
לָמוֹ ׀ דָּבָר רָע יְסַפְּרוּ לִטְמוֹן מוֹקְשִׁים אָמְרוּ מִי יִרְאֶה־
לָּמוֹ׃ יַחְפְּשׂוּ־עוֹלֹת תַּמְנוּ חֵפֶשׂ מְחֻפָּשׂ וְקֶרֶב אִישׁ וְלֵב 7
עָמֹק׃ וַיֹּרֵם אֱלֹהִים חֵץ פִּתְאוֹם הָיוּ מַכּוֹתָם׃ וַיַּכְשִׁילֻהוּ 8 9
עָלֵימוֹ לְשׁוֹנָם יִתְנֹדְדוּ כָּל־רֹאֵה בָם׃ וַיִּירְאוּ כָּל־אָדָם י
וַיַּגִּידוּ פֹּעַל אֱלֹהִים וּמַעֲשֵׂהוּ הִשְׂכִּילוּ׃ יִשְׂמַח צַדִּיק בַּיהוָה 11
וְחָסָה בוֹ וְיִתְהַלְלוּ כָּל־יִשְׁרֵי־לֵב׃

## סה

סה

לַמְנַצֵּחַ מִזְמוֹר לְדָוִד שִׁיר׃ לְךָ דֻמִיָּה תְהִלָּה אֱלֹהִים א 2
בְּצִיּוֹן וּלְךָ יְשֻׁלַּם־נֶדֶר׃ שֹׁמֵעַ תְּפִלָּה עָדֶיךָ כָּל־בָּשָׂר יָבֹאוּ׃ 3
דִּבְרֵי עֲוֺנֹת גָּבְרוּ מֶנִּי פְּשָׁעֵינוּ אַתָּה תְכַפְּרֵם׃ אַשְׁרֵי ׀ 4 ה
תִּבְחַר וּתְקָרֵב יִשְׁכֹּן חֲצֵרֶיךָ נִשְׂבְּעָה בְּטוּב בֵּיתֶךָ קְדֹשׁ
הֵיכָלֶךָ׃ נוֹרָאוֹת ׀ בְּצֶדֶק תַּעֲנֵנוּ אֱלֹהֵי יִשְׁעֵנוּ מִבְטָח כָּל־ 6
קַצְוֵי־אֶרֶץ וְיָם רְחֹקִים׃ מֵכִין הָרִים בְּכֹחוֹ נֶאְזָר בִּגְבוּרָה׃ 7
מַשְׁבִּיחַ ׀ שְׁאוֹן יַמִּים שְׁאוֹן גַּלֵּיהֶם וַהֲמוֹן לְאֻמִּים׃ וַיִּירְאוּ 8 9
יֹשְׁבֵי קְצָוֺת מֵאוֹתֹתֶיךָ מוֹצָאֵי בֹקֶר וָעֶרֶב תַּרְנִין׃ פָּקַדְתָּ י
הָאָרֶץ ׀ וַתְּשֹׁקְקֶהָ רַבַּת תַּעְשְׁרֶנָּה פֶּלֶג אֱלֹהִים מָלֵא מָיִם
תָּכִין דְּגָנָם כִּי־כֵן תְּכִינֶהָ׃ תְּלָמֶיהָ רַוֵּה נַחֵת גְּדוּדֶהָ 11
בִּרְבִיבִים תְּמֹגְגֶנָּה צִמְחָהּ תְּבָרֵךְ׃ עִטַּרְתָּ שְׁנַת טוֹבָתֶךָ 12

13 ומעגליך ירעפון דשן: ירעפו נאות מדבר וגיל גבעות
14 תחגרנה: לבשו כרים ׀ הצאן ועמקים יעטפו־בר
יתרועעו אף־ישירו:

סו סו

2 א למנצח שיר מזמור הריעו לאלהים כל־הארץ: זמרו
3 כבוד־שמו שימו כבוד תהלתו: אמרו לאלהים מה־
4 נורא מעשיך ברב עזך יכחשו־לך איביך: כל־הארץ ׀
ה ישתחוו לך ויזמרו־לך יזמרו שמך סלה: לכו וראו
6 מפעלות אלהים נורא עלילה על־בני אדם: הפך ים ׀
7 ליבשה בנהר יעברו ברגל שם נשמחה בו: משל
בגבורתו ׀ עולם עיניו בגוים תצפינה הסוררים ׀ אל־
8 ירימו למו סלה: ברכו עמים ׀ אלהינו והשמיעו קול
9 תהלתו: השם נפשנו בחיים ולא־נתן למוט רגלנו:
11 כי־בחנתנו אלהים צרפתנו כצרף־כסף: הבאתנו
12 במצודה שמת מועקה במתנינו: הרכבת אנוש לראשנו
13 באנו באש ובמים ותוציאנו לרויה: אבוא ביתך בעולות
14 אשלם לך נדרי: אשר־פצו שפתי ודבר־פי בצר־לי:
טו עלות מחים אעלה־לך עם־קטרת אילים אעשה בקר
16 עם־עתודים סלה: לכו־שמעו ואספרה כל־יראי אלהים
17 אשר עשה לנפשי: אליו פי־קראתי ורומם תחת לשוני:
18 19 און אם־ראיתי בלבי לא ישמע אדני: אכן שמע אלהים
כ הקשיב בקול תפלתי: ברוך אלהים אשר לא־הסיר
תפלתי וחסדו מאתי:

סז סז

2 א למנצח בנגינת מזמור שיר: אלהים יחננו ויברכנו יאר
3 פניו אתנו סלה: לדעת בארץ דרכך בכל־גוים ישועתך:
4 ה יודוך עמים ׀ אלהים יודוך עמים כלם: ישמחו וירננו

איהרע שפראצונגען: 12 דוא האסט געקרענט דאס יאהר מיט דיין גוטעס, אונד דיינע שטעגען טריפען מיט פעטקייט: 13 עס טריפען דיא גראז־פלעצער פון דער מדבר, אונד מיט פרייד גירטען זיך אן דיא היגעלן (בערגלעך): 14 דיא גראז־פלעצער קליידען זיך אן מיט שאף, אונד דיא טהאלען זענען איינגעוויקעלט מיט קארן (תבואה), זייא שאלען אונד זייא זינגען אויך:

## תהלים סו

1 צו דעם זינגער—א ליד,—א געזאנג־שאלט צו גאט דיא גאנצע ערד (וועלט): 2 זינגט דעם כבוד פון זיין נאמען, מאכט הערליך זיין לויב! 3 זאגט צו גאט, וויא פארכטיג זענען דיינע מעשים, וועגען דיינע גרויסע שטארקהייט, צו דיר וועלען זיך דיינע פיינד ווילענדיג אונטערגעבען: 4 אלע לענדער וועלען זיך צו דיר ביקען, אונד וועלען צו דיר זינגען; זייא וועלען זינגען צו דיין נאמען, סלה: 5 קומט אונד זעהט דיא ווערק פון גאט, פארכטיג איז זיין טהון איבער דיא מענשען־קינדער: 6 ער האט דאס ים פערקעהרט צו טרוקענהייט, דורך דעם טייך זענען זייא צו פוס געגאנגען, דארט האבען מיר זיך מיט איהם געפרייט: 7 ער געוועלטיגט עביג דורך זיינע גבורה, זיינע אויגען קוקען אויף דיא גוים, דיא אפקעהרער דארפען ניט דערהויבען ווערען, סלה: 8 בענשט איהר פעלקער אונזער גאט, מאכט הערען דאס קול פון זיין לויב: 9 וואס ער האט אונזער נפש אים לעבען געגעבען, אונד ער האט ניט צוגעלאזט דאס אונזערע פיס זאלען אפגענייגט ווערען: 10 ווארין דוא א גאט, האסט אונס געפרופט, דוא האסט אונס געלייטערט אזוי וויא מען לייטערט זילבער: 11 דוא האסט אונס געבראכט אין א פעסטונג (נעץ) דוא האסט ארויפגעלעגט א דריקונג אויף אונזערע לענדען: 12 דוא האסט געמאכט מענשען איבער אונזער קאפ רייטען, מיר זענען געקומען אים פייער אונד אים וואסער, אבער דוא האסט אונס ארויסגענומען צו דערקוויקונג: 13 איך וועל קומען אין דיין הויז מיט קרבן עולות, איך וועל דיר בעצאהלען מיינע נדרים: 14 אזוי וויא איך האב אויפגעמאכט מיינע לעפצען, אונד וויא מיין מויל האט גערעדט ווען עס איז מיר ענג געוועזען: 15 איך וועל דיר פעטע עולות מקריב זיין, מיט קטורת פון ווידער (באראנעס), איך וועל מאכען (קרבנות) פון רינדער אונד בעק, סלה: 16 קומט, הערט צו איהר אלע גאט'ס־פארכטיגע—איך וועל דערצעהלען וואס ער האט געטהון צו מיין נפש: 17 איך האב צו איהם גערופען מיט מיין מויל, אונד ער איז געוועזען דערהויבען מיט מיינע צונג: 18 ווען איך וואלט געזעהען אונגערעכטיגקייט אין מיין הארץ, אזוי וואלט מיך דער האר ניט געהערט: 19 אבער גאט האט יוא געהערט, ער האט פערנומען דאס קול פון מיין געבעט: 20 געבענשט איז גאט, וועלכער האט ניט אפגעטהון מיין געבעט אונד זיין חסד פון מיר:

## תהלים סז

1 צו דעם זינגער אויף נגינות—א ליד צום זינגען: 2 א גאט, לייטזעליג אונס אונד בענש אונס, אונד מאך זיין פנים איבער אונס לייכטען, סלה: 3 דאס מען זאל דיין וועג אויף דער ערד דערקענען, אונטער אלע גוים דיינע הילף: 4 א גאט, דיך וועלען פעלקער לויבען, אלע פעלקער וועלען דיך לויבען: 5 דיא פעלקער וועלען זיך פרייען

אונד

אוּנְד זִינְגֶען, וָוארִין דוּא וֶועסְט רִיכְטֶען
דִיא פֶעלְקֶער מִיט רֶעכְטְפַארְטִיגְקֵייט, אוּנְד
דוּא וֶועסְט פִיהְרֶען דִיא אוּמוֹת אוֹיף דֶער
עֶרְד, סֶלָה׃ 6 אָ גָאט, דִיךְ וֶועלֶען פֶעלְ־
קֶער לוֹיבֶּען, אַלֶע פֶעלְקֶער וֶועלֶען דִיךְ
לוֹיבֶּען׃ 7 דִיא עֶרְד וֶועט אִיהְרֶע פְרוּכְט
גֶעבֶּען, גָאט, אוּנְזֶער גָאט וֶועט אוּנְס
בֶּענְשֶׁען׃ 8 גָאט וֶועט אוּנְס בֶּענְשֶׁען,
אוּנְד אַלֶע עֶקֶען פוּן דֶער עֶרְד וֶועלֶען
פָאר אִיהְם מוֹרָא הָאבֶּען׃

תהלים סח

1 צוּ דֶעם זִינְגֶער פוּן דָוִד—אַ לִיד צוּם
זִינְגֶען׃ 2 גָאט וֶועט זִיךְ אוֹיפְשְׁטֶעלֶען,
זֵיינֶע פֵיינְד וֶועלֶען זִיךְ צוּשְׁפְּרֵייטֶען, אוּנְד
זֵיינֶע שׂוֹנְאִים וֶועלֶען פַאר זֵיין פָּנִים אַנְטְ־
לוֹיפֶען׃ 3 אַזוֹי וִויא דֶער רוֹיךְ וֶוערְט
פֶערְשְׁטוֹיסֶען, אַזוֹי וֶועסְט דוּא זֵייא
פֶערְשְׁטוֹיסֶען, אַזוֹי וִויא וַואקְס וֶוערְט
צוּשְׁמָאלְצֶען פָאר דֶעם פֵייעֶר, אַזוֹי
וֶועלֶען דִיא רְשָׁעִים פָאר גָאט פֶערְלוֹירֶען
וֶוערֶען׃ 4 אָבֶּער דִיא צַדִיקִים וֶועלֶען
זִיךְ פְרֵייעֶן אוּנְד וֶועלֶען פְרֶעהְלִיךְ זֵיין
פָאר גָאט, אוּנְד וֶועלֶען זִיךְ פְרֵייעֶן מִיט
שִׂמְחָה׃ 5 זִינְגְט צוּ גָאט, לוֹיבְּט זֵיין
נָאמֶען, מַאכְט אַ וֶועג פָאר דֶעם וָואס רֵייט דוּרְךְ דִיא וִוּיסְטֶענִים, יָהּ, אִיז זֵיין נָאמֶען,
אוּנְד פְרֵייט אֵייךְ פָאר אִיהְם׃ 6 עֶר אִיז אַ פָאטֶער פוּן יְתוֹמִים, אוּנְד אַ (דַיָּן) רִיכְטֶער
פוּן אַלְמָנוֹת, גָאט אִיז אִין זֵיינֶע הֵיילִיגֶע וְואוֹינוּנְג׃ 7 אַ גָאט, וֶועלְכֶער מַאכְט דִיא אֵיינְ־
זַאמֶע צוּ בֶּעוְואוֹינֶען אַ הוֹיזְגֶעזִינְד (עֶר גִיבְּט זֵייא קִינְדֶער), עֶר פִיהְרְט אַרוֹיס דִיא
גֶעפַאנְגֶענֶע מִיט רֶעכְטְפַארְטִיגְקֵייט, אָבֶּער דִיא אָפְּקֶעהְרֶער מוּזֶען בְּלֵייבֶּען וִוּיסְט
(דַארְקֵייט)׃ 8 אָ גָאט, וֶוען דוּא בִּיסְט פָאר דֵיין פָאלְק אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען, וֶוען דוּא הָאסְט
גֶעטְרֶעטֶען דוּרְךְ דִיא וִוּיסְטֶענִים, סֶלָה׃ 9 אַזוֹי הָאט דִיא עֶרְד גֶעצִיטֶערְט, אַפִילוּ דִיא
הִימֶעל הָאבֶּען גֶעטְרִיפְט פָאר גָאט, דֶער (בַּארְג) סִנַי הָאט גֶעצִיטֶערְט פָאר גָאט, דֶעם
גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל׃ 10 אַ רֶעגֶען פוּן בֶּעוִוילִיגוּנְג, הָאסְט דוּא, אָ גָאט, גֶעמַאכְט אוֹיסְזוּפֶען
(רִינֶען), אוּנְד אַז דֵיין עֶרְבְּטְהֵייל אִיז מִיר גֶעוָוארֶען, הָאסְט דוּא עֶס פֶעסְטְגֶעשְׁטֶעלְט,
(אוֹיפְגֶערִיכְט)׃ 11 דֵיינֶע גֶעמֵיינְדֶע הָאבֶּען דַארִין גֶעוְואוֹינְט, דוּא, אָ גָאט, הָאסְט אוֹיפְ־
גֶערִיכְטֶעט מִיט דֵיינֶע גוּטְקֵייט דֶעם אָרֶעמֶען׃ 12 דֶער הַאר הָאט גֶעגֶעבֶּען דָאס וָוארְט,
אוּנְד דִיא אָנְזָאגֶערִינְס זֶענֶען גֶעוֶועזֶען אִין גְרוֹיסֶע הֶערְשַׁארֶען׃ 13 דִיא קֶענִיגֶע פוּן
דִיא הֶערְשַׁארֶען וֶוערֶען גִיךְ פֶערְוָואגֶעלְט, אוּנְד דִיא הוֹיז־בֶּעוְואוֹינֶערְן טְהֵיילְט אוֹיס
דֶעם רוֹיב׃ 14 וֶוען אִיהְר לִיגְט אַפִילוּ צְוִוישֶׁען דִיא הֶערְדֶען (סְטַאדֶעס), דָאךְ גְלַאנְצְט
אִיהְר אַזוֹי וִויא דִיא פְלִיגֶעל פוּן אַ טוֹיב בֶּעדֶעקְט מִיט זִילְבֶּער, אוּנְד אִיהְרֶע פֶעדֶערְן מִיט
גְרִינְלִיךְ גִינְגָאלְד׃ 15 וֶוען דֶער אַלְמֶעכְטִיגֶער הָאט אִין אִיהְר דִיא קֶענִיגֶע פֶערְשְׁפְּרֵייט,
אִיז עֶס גֶעוֶועזֶען (לִיכְטִיג) וִויא שְׁנֵעע אוֹיף (דֶעם בַּארְג) צַלְמוֹן׃ 16 דֶער בַּארְג פוּן גָאט
אִיז דֶער בַּארְג פוּן בָּשָׁן, אַ הוֹיכְשְׁפִּיצִיגֶער אִיז דֶער בַּארְג בָּשָׁן׃ 17 פַארְוָואס שְׁפְּרִינְגְט
(אָדֶער לוֹיעֶרְט) אִיהְר הוֹיכְשְׁפִּיצִיגֶע בֶּערְג קֶעגֶען דֶעם בַּארְג, וֶועלְכֶען גָאט הָאט גֶעגְלוּסְט
צוּ זֵיינֶע זִיצוּנְג (וְואוֹינְאָרְט), אַוְואוּ דֶער הַאר וֶועט אוֹיךְ עֶבִּיג וְואוֹינֶען׃ 18 דִיא רֵייטְ־
וֶועגֶען פוּן גָאט זֶענֶען צְוֵוייא מָאל צֶעהְנְטוֹיזֶענְד, טוֹיזֶענְדֶער מָאל טוֹיזֶענְד, דֶער הַאר אִיז
אוּנְטֶער זֵייא אִין דֶעם הֵיילִיגֶען סִנַי׃ 19 דוּא בִּיסְט אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען אִין דֶער הֵייךְ, דוּא
הָאסְט גֶעפַאנְגֶען דִיא גֶעפַאנְגֶענֶע; דוּא הָאסְט גֶענוּמֶען מַתָּנוֹת פַאר דִיא מֶענְשֶׁען, אַפִילוּ
אוֹיךְ פַאר דִיא אָפְּקֶעהְרֶער, כְּדֵי דֶער הַאר גָאט זָאל אוּנְטֶער זֵייא וְואוֹינֶען׃ 20 גֶעלוֹיבְּט
אִיז דֶער הַאר, טָאג פִיר טָאג בֶּעלַאדֶעט עֶר אוּנְס (אָדֶער עֶר טְרָאגְט אוּנְזֶערֶע לַאסְט), עֶר
אִיז דֶער גָאט פוּן אוּנְזֶערֶע הִילְף, סֶלָה׃ 21 דֶער גָאט אִיז פָאר אוּנְס אַ גָאט כְּדֵי צוּ הֶעלְפֶען,
אוּנְד

לְאֻמִּים כִּֽי־תִשְׁפֹּט עַמִּים מִישֹׁר וּלְאֻמִּים ׀ בָּאָרֶץ תַּנְחֵם
סֶלָה׃ יוֹדוּךָ עַמִּים ׀ אֱלֹהִים יוֹדוּךָ עַמִּים כֻּלָּם׃ אֶרֶץ 6 7
נָתְנָה יְבוּלָהּ יְבָרְכֵנוּ אֱלֹהִים אֱלֹהֵינוּ׃ יְבָרְכֵנוּ אֱלֹהִים 8
וְיִירְאוּ אוֹתוֹ כָּל־אַפְסֵי־אָרֶץ׃

סח

## סח

לַמְנַצֵּחַ לְדָוִד מִזְמוֹר שִׁיר׃ יָקוּם אֱלֹהִים יָפוּצוּ אוֹיְבָיו א 2
וְיָנוּסוּ מְשַׂנְאָיו מִפָּנָיו׃ כְּהִנְדֹּף עָשָׁן תִּנְדֹּף כְּהִמֵּס דּוֹנַג 3
מִפְּנֵי־אֵשׁ יֹאבְדוּ רְשָׁעִים מִפְּנֵי אֱלֹהִים׃ וְצַדִּיקִים יִשְׂמְחוּ 4
יַעַלְצוּ לִפְנֵי אֱלֹהִים וְיָשִׂישׂוּ בְשִׂמְחָה׃ שִׁירוּ ׀ לֵאלֹהִים ה
זַמְּרוּ שְׁמוֹ סֹלּוּ לָרֹכֵב בָּעֲרָבוֹת בְּיָהּ שְׁמוֹ וְעִלְזוּ לְפָנָיו׃
אֲבִי יְתוֹמִים וְדַיַּן אַלְמָנוֹת אֱלֹהִים בִּמְעוֹן קָדְשׁוֹ׃ אֱלֹהִים ׀ 6 7
מוֹשִׁיב יְחִידִים ׀ בַּיְתָה מוֹצִיא אֲסִירִים בַּכּוֹשָׁרוֹת אַךְ־
סוֹרְרִים שָׁכְנוּ צְחִיחָה׃ אֱלֹהִים בְּצֵאתְךָ לִפְנֵי עַמֶּךָ 8
בְּצַעְדְּךָ בִישִׁימוֹן סֶלָה׃ אֶרֶץ רָעָשָׁה ׀ אַף־שָׁמַיִם נָטְפוּ 9
מִפְּנֵי אֱלֹהִים זֶה סִינַי מִפְּנֵי אֱלֹהִים אֱלֹהֵי יִשְׂרָאֵל׃ גֶּשֶׁם י
נְדָבוֹת תָּנִיף אֱלֹהִים נַחֲלָתְךָ וְנִלְאָה אַתָּה כוֹנַנְתָּהּ׃ חַיָּתְךָ 11
יָשְׁבוּ־בָהּ תָּכִין בְּטוֹבָתְךָ לֶעָנִי אֱלֹהִים׃ אֲדֹנָי יִתֶּן־אֹמֶר 12
הַמְבַשְּׂרוֹת צָבָא רָב׃ מַלְכֵי צְבָאוֹת יִדֹּדוּן יִדֹּדוּן וּנְוַת 13
בַּיִת תְּחַלֵּק שָׁלָל׃ אִם־תִּשְׁכְּבוּן בֵּין שְׁפַתָּיִם כַּנְפֵי יוֹנָה 14
נֶחְפָּה בַכֶּסֶף וְאֶבְרוֹתֶיהָ בִּירַקְרַק חָרוּץ׃ בְּפָרֵשׂ שַׁדַּי טו
מְלָכִים בָּהּ תַּשְׁלֵג בְּצַלְמוֹן׃ הַר־אֱלֹהִים הַר־בָּשָׁן הַר 16
גַּבְנֻנִּים הַר־בָּשָׁן׃ לָמָּה ׀ תְּרַצְּדוּן הָרִים גַּבְנֻנִּים הָהָר חָמַד 17
אֱלֹהִים לְשִׁבְתּוֹ אַף־יְהֹוָה יִשְׁכֹּן לָנֶצַח׃ רֶכֶב אֱלֹהִים 18
רִבֹּתַיִם אַלְפֵי שִׁנְאָן אֲדֹנָי בָם סִינַי בַּקֹּדֶשׁ׃ עָלִיתָ לַמָּרוֹם ׀ 19
שָׁבִיתָ שֶּׁבִי לָקַחְתָּ מַתָּנוֹת בָּאָדָם וְאַף סוֹרְרִים לִשְׁכֹּן ׀
יָהּ אֱלֹהִים׃ בָּרוּךְ אֲדֹנָי יוֹם ׀ יוֹם יַעֲמָס־לָנוּ הָאֵל יְשׁוּעָתֵנוּ כ
סֶלָה׃ הָאֵל ׀ לָנוּ אֵל לְמוֹשָׁעוֹת וְלֵיהֹוִה אֲדֹנָי לַמָּוֶת 21

22 תּוֹצָאוֹת׃ אַךְ־אֱלֹהִים יִמְחַץ רֹאשׁ אֹיְבָיו קָדְקֹד שֵׂעָר
23 מִתְהַלֵּךְ בַּאֲשָׁמָיו׃ אָמַר אֲדֹנָי מִבָּשָׁן אָשִׁיב אָשִׁיב
24 מִמְּצֻלוֹת יָם׃ לְמַעַן ׀ תִּמְחַץ רַגְלְךָ בְּדָם לְשׁוֹן כְּלָבֶיךָ
כה מֵאֹיְבִים מִנֵּהוּ׃ רָאוּ הֲלִיכוֹתֶיךָ אֱלֹהִים הֲלִיכוֹת אֵלִי מַלְכִּי
26 בַקֹּדֶשׁ׃ קִדְּמוּ שָׁרִים אַחַר נֹגְנִים בְּתוֹךְ עֲלָמוֹת תּוֹפֵפוֹת׃
27 28 בְּמַקְהֵלוֹת בָּרְכוּ אֱלֹהִים אֲדֹנָי מִמְּקוֹר יִשְׂרָאֵל׃ שָׁם
בִּנְיָמִן ׀ צָעִיר רֹדֵם שָׂרֵי יְהוּדָה רִגְמָתָם שָׂרֵי זְבֻלוּן שָׂרֵי
29 נַפְתָּלִי׃ צִוָּה אֱלֹהֶיךָ עֻזֶּךָ עוּזָּה אֱלֹהִים זוּ פָּעַלְתָּ לָּנוּ׃
ל 31 מֵהֵיכָלֶךָ עַל־יְרוּשָׁלָ‍ִם לְךָ יוֹבִילוּ מְלָכִים שָׁי׃ גְּעַר חַיַּת
קָנֶה עֲדַת אַבִּירִים ׀ בְּעֶגְלֵי עַמִּים מִתְרַפֵּס בְּרַצֵּי־כָסֶף
32 בִּזַּר עַמִּים קְרָבוֹת יֶחְפָּצוּ׃ יֶאֱתָיוּ חַשְׁמַנִּים מִנִּי מִצְרָיִם
33 כּוּשׁ תָּרִיץ יָדָיו לֵאלֹהִים׃ מַמְלְכוֹת הָאָרֶץ שִׁירוּ לֵאלֹהִים
34 זַמְּרוּ אֲדֹנָי סֶלָה׃ לָרֹכֵב בִּשְׁמֵי שְׁמֵי־קֶדֶם הֵן יִתֵּן בְּקוֹלוֹ
לה קוֹל עֹז׃ תְּנוּ עֹז לֵאלֹהִים עַל־יִשְׂרָאֵל גַּאֲוָתוֹ וְעֻזּוֹ בַּשְּׁחָקִים׃
36 נוֹרָא אֱלֹהִים ׀ מִמִּקְדָּשֶׁיךָ אֵל יִשְׂרָאֵל הוּא נֹתֵן ׀ עֹז וְתַעֲצֻמוֹת
לָעָם בָּרוּךְ אֱלֹהִים׃

## סט סט

2 א לַמְנַצֵּחַ ׀ עַל־שׁוֹשַׁנִּים לְדָוִד׃ הוֹשִׁיעֵנִי אֱלֹהִים כִּי בָאוּ
3 מַיִם עַד־נָפֶשׁ׃ טָבַעְתִּי ׀ בִּיוֵן מְצוּלָה וְאֵין מָעֳמָד בָּאתִי
4 בְמַעֲמַקֵּי־מַיִם וְשִׁבֹּלֶת שְׁטָפָתְנִי׃ יָגַעְתִּי בְקָרְאִי נִחַר
ה גְּרוֹנִי כָּלוּ עֵינַי מְיַחֵל לֵאלֹהָי׃ רַבּוּ ׀ מִשַּׂעֲרוֹת רֹאשִׁי
שֹׂנְאַי חִנָּם עָצְמוּ מַצְמִיתַי אֹיְבַי שֶׁקֶר אֲשֶׁר לֹא־גָזַלְתִּי
6 אָז אָשִׁיב׃ אֱלֹהִים אַתָּה יָדַעְתָּ לְאִוַּלְתִּי וְאַשְׁמוֹתַי מִמְּךָ
7 לֹא־נִכְחָדוּ׃ אַל־יֵבֹשׁוּ בִי ׀ קֹוֶיךָ אֲדֹנָי יֱהֹוִה צְבָאוֹת אַל־
8 יִכָּלְמוּ בִי מְבַקְשֶׁיךָ אֱלֹהֵי יִשְׂרָאֵל׃ כִּי־עָלֶיךָ נָשָׂאתִי חֶרְפָּה
9 כִּסְּתָה כְלִמָּה פָנָי׃ מוּזָר הָיִיתִי לְאֶחָי וְנָכְרִי לִבְנֵי אִמִּי׃
י כִּי־קִנְאַת בֵּיתְךָ אֲכָלָתְנִי וְחֶרְפּוֹת חוֹרְפֶיךָ נָפְלוּ עָלָי׃

אוּנְד בַּייא דֶעם הַאר גָאט זֶענֶען דִיא
אוֹיסְגֶענְג פוּן טוֹיט׃ 22 פַארְוָואהְר, גָאט
וֶועט צוּשְׁלָאגֶען דֶעם קָאפּ פוּן זַיינֶע
פֵיינְד, דָעם הָארִיגֶען שֵׁייטֶעל פוּן דֶעם
וָואס גֶעהְט אַרוּם אִין זַיינֶע זִינְד׃ 23 דֶער
הַאר הָאט גֶעזָאגְט, פוּן בָּשָׁן וֶועל אִיךְ
צוּרִיקְקֶעהְרֶען, פוּן דִיא טִיפֶענִיס פוּן
דֶעם יַם וֶועל אִיךְ צוּרִיקְקֶעהְרֶען׃ 24 כְּדֵי
דוּא זָאלְסְט דֵיינֶע פִיס אֵיינְטוּנְקֶען אִין
דֶעם בְּלוּט, אוּנְד (דָאס בְּלוּט) פוּן דִיא
פֵיינְד זָאלֶען דִיא צוּנְג פוּן דֵיינֶע הִינְד
(לֶעקֶען)׃ 25 זֵייא הָאבֶען גֶעזֶעהֶען דֵיינֶע
גֶענְג, אָ גָאט!—דִיא גֶענְג פוּן מֵיין גָאט,
מֵיין קֶענִיג, אִין דֶעם הֵיילִיגְטְהוּם׃ 26 דִיא
זִינְגֶער גֶעהֶען פָארְאוֹיס, דֶערְנָאךְ דִיא
שְׁפִּילֶער, אוּנְד אִין מִיטֶען דִיא יוּנְגְפְרוֹיֶען
וֶועלְכֶע פוֹיקֶען׃ 27 אִין דִיא פֶערְזַאמְ־
לוּנְגֶען לוֹיבְּט גָאט דֶעם הַאר, אִיהְר (וָואס
אִיהְר זֵייט) פוּן דֶעם קְוַואל פוּן יִשְׂרָאֵל׃
28 דָארְט אִיז בִּנְיָמִין דֶער יוּנְגְסְטֶער פוּן
זֵייעֶר גֶעוֶועלְטִיגֶער, דִיא אוֹיבֶּערְשְׁטֶע פוּן
יְהוּדָה מִיט זֵייעֶרֶע פֶערְזַאמְלוּנְג, דִיא אוֹי־
בֶּערְשְׁטֶע פוּן זְבוּלוּן, דִיא אוֹיבֶּערְשְׁטֶע
פוּן נַפְתָּלִי׃ 29 דֵיין גָאט הָאט זֵיינֶע
שְׁטַארְקֶע גֶעבָּאטֶען, מַאךְ שְׁטַארְק אָ גָאט, וָוארִין דִיא דָאזִיגֶע זֶענֶען דֵיינֶע וֶוערְק׃
30 וֶועגֶען דֵיין פַּאלַאסְט וָואס אִיז אִין יְרוּשָׁלַיִם, וֶועלֶען דִיר מְלָכִים מַתָּנוֹת בְּרֶענְגֶען׃
31 שְׁרֵייא אָן דִיא חַיּוֹת וֶועלְכֶע זֶענֶען אִים רָאהְר, דִיא פֶערְזַאמְלוּנְג פוּן דִיא אָקְסֶען
מִיט דִיא קֶעלְבֶּער פוּן דִיא פֶעלְקֶער, וֶועלְכֶע פֶערְשְׁפְּרֵייטֶען זִיךְ וֶועגֶען זִילְבֶּער, צוּשְׁפְּרֵייט
דִיא פֶעלְקֶער וֶועלְכֶע בֶּעגֶעהְרֶען מִלְחָמוֹת׃ 32 דִיא חַשְׁמוֹנִים וֶועלֶען קוּמֶען פוּן מִצְרַיִם;
כּוּשׁ וֶועט מַאכֶען לוֹיפֶען (אוֹיסְצוּשְׁטְרֶעקֶען) זַיינֶע הֶענְד צוּ גָאט׃ 33 אִיהְר קֶענִיגְרֵייכֶע
פוּן דֶער עֶרְד זִינְגְט צוּ דֶעם הַאר, סֶלָה׃ 34 צוּ דֶעם וֶועלְכֶער רֵייט אִין דִיא הִימֶעל, וָואס
זֶענֶען פוּן דֶער אַלְטֶער צֵייט, זֶעה, עֶר שְׁרֵייט מִיט זֵיין קוֹל, מִיט דֶעם שְׁטַארְקֶען קוֹל׃
35 גֶעט שְׁטַארְקֵייט (כָּבוֹד) צוּ גָאט, זֵיינֶע גְרוֹיסְקֵייט אִיז אִיבֶּער יִשְׂרָאֵל, אוּנְד זֵיינֶע
שְׁטַארְקֵייט אִיז אִין דִיא הִימֶעל׃ 36 דוּא אָ גָאט, בִּיזְט פָארְכְטֶערְלִיךְ פוּן דֵיינֶע הֵיילִיגֶע
עֶרְטֶער, דוּא גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל, עֶר גִיבְּט שְׁטַארְקֵייט אוּנְד קְרַאפְט צוּ דֶעם פָאלְק, גֶעלוֹיבְּט
אִיז גָאט׃

## תהלים סט

1 צוּ דֶעם זִינְגֶער אוֹיף שׁוֹשַׁנִּים—פוּן דָוִד׃ 2 הֶעלְף מִיר, אָ גָאט! וָוארִין דָאס וַואסֶער אִיז
גֶעקוּמֶען בִּיז צוּ דֶעם נֶפֶשׁ׃ 3 אִיךְ בִּין גֶעזוּנְקֶען אִין דֶעם זוּמְפִּיגֶען לֶעהְם, אוּנְד עֶס אִיז נִיט
דָא קֵיין בֶּעשְׁטַאנְד, אִיךְ בִּין אַרֵיינְגֶעקוּמֶען אִין דִיא טִיפֶענִיס פוּן דֶעם וַואסֶער, אוּנְד דֶער
שְׁטְרוֹים הָאט מִיךְ פֶערְפְלֵייצְט׃ 4 אִיךְ בִּין מִיד גֶעוָוארֶען אִין מֵיין שְׁרֵייעֶן, מֵיין הַאלְז אִיז
פֶערְטְרוּקֶענְט, מֵיינֶע אוֹיגֶען זֶענֶען פֶערְלֶענְט, וַוארְטֶענְדִיג אוֹיף מֵיין גָאט׃ 5 מֵיינֶע אוּמְ־
זִיסְטֶע שׂוֹנְאִים זֶענֶען מֶעהְר וִויא דִיא הָאר פוּן מֵיין קָאפּ, מֵיינֶע פֶערְשְׁנֵיידֶער זֶענֶען שְׁטַארְק,
זֵייא זֶענֶען אוּמְזִיסְט מֵיינֶע פֵיינְד, אוּנְד אַפִילוּ וָואס אִיךְ הָאבּ נִיט גֶעגַזְלְת מוּז אִיךְ דֶערְנָאךְ
צוּרִיקְגֶעבֶּען׃ 6 אָ גָאט, דוּא וֵוייסְט מֵיין אוּנְרֶעכְט, אוּנְד מֵיינֶע שׁוּלְדֶען זֶענֶען פוּן דִיר נִיט
פֶערְבָּארְגֶען׃ 7 לָאזֶען דָאךְ דוּרְךְ מִיר נִיט פֶערְשֶׁעהְמְט וֶוערֶען דִיא וָואס הָאפֶען אוֹיף
דִיר, אָ הַאר, גָאט פוּן דִיא הֶערְשַׁארֶען, לָאזֶען דָאךְ דוּרְךְ מִיר נִיט צוּ שַׁאנְדֶען וֶוערֶען דִיא
וָואס זוּכֶען דִיךְ, אָ גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל׃ 8 וָוארִין דֵיינֶעט וֶועגֶען הָאבּ אִיךְ חֶרְפָּה פֶערְטְרָאגֶען,
שַׁאנְד הָאט מֵיין פָּנִים בֶּעדֶעקְט׃ 9 אִיךְ בִּין גֶעוָוארֶען פְרֶעמְד צוּ מֵיינֶע בְּרִידֶער, אוּנְד וִויא
אֵיין אוּנְבֶּעקַאנְטֶער צוּ דִיא זִיהְן פוּן מֵיינֶע מוּטֶער׃ 10 וָוארִין דִיא קִנְאָה פוּן דֵיין הוֹיז הָאט
מִיךְ אוֹיפְגֶעגֶעסֶען, אוּנְד דִיא לֶעסְטֶערוּנְג פוּן דֵיינֶע לֶעסְטֶערֶער זֶענֶען אוֹיף מִיר גֶעפַאלֶען׃

וָאֶבְכֶּה בַצּוֹם נַפְשִׁי וַתְּהִי לַחֲרָפוֹת לִי: וָאֶתְּנָה לְבוּשִׁי 11 12
שָׂק וָאֱהִי לָהֶם לְמָשָׁל: יָשִׂיחוּ בִי יֹשְׁבֵי שָׁעַר וּנְגִינוֹת 13
שׁוֹתֵי שֵׁכָר: וַאֲנִי תְפִלָּתִי־לְךָ ׀ יְהוָה עֵת רָצוֹן אֱלֹהִים 14
בְּרָב־חַסְדֶּךָ עֲנֵנִי בֶּאֱמֶת יִשְׁעֶךָ: הַצִּילֵנִי מִטִּיט וְאַל־ טו
אֶטְבָּעָה אִנָּצְלָה מִשֹּׂנְאַי וּמִמַּעֲמַקֵּי־מָיִם: אַל־תִּשְׁטְפֵנִי ׀ 16
שִׁבֹּלֶת מַיִם וְאַל־תִּבְלָעֵנִי מְצוּלָה וְאַל־תֶּאְטַר־עָלַי בְּאֵר
פִּיהָ: עֲנֵנִי יְהוָה כִּי־טוֹב חַסְדֶּךָ כְּרֹב רַחֲמֶיךָ פְּנֵה אֵלָי: 17
וְאַל־תַּסְתֵּר פָּנֶיךָ מֵעַבְדֶּךָ כִּי־צַר־לִי מַהֵר עֲנֵנִי: קָרְבָה 18 19
אֶל־נַפְשִׁי גְאָלָהּ לְמַעַן אֹיְבַי פְּדֵנִי: אַתָּה יָדַעְתָּ חֶרְפָּתִי כ
וּבָשְׁתִּי וּכְלִמָּתִי נֶגְדְּךָ כָּל־צוֹרְרָי: חֶרְפָּה ׀ שָׁבְרָה לִבִּי 21
וָאָנוּשָׁה וָאֲקַוֶּה לָנוּד וָאַיִן וְלַמְנַחֲמִים וְלֹא מָצָאתִי: וַיִּתְּנוּ 22
בְּבָרוּתִי רֹאשׁ וְלִצְמָאִי יַשְׁקוּנִי חֹמֶץ: יְהִי־שֻׁלְחָנָם לִפְנֵיהֶם 23
לְפָח וְלִשְׁלוֹמִים לְמוֹקֵשׁ: תֶּחְשַׁכְנָה עֵינֵיהֶם מֵרְאוֹת 24
וּמָתְנֵיהֶם תָּמִיד הַמְעַד: שְׁפָךְ־עֲלֵיהֶם זַעְמֶךָ וַחֲרוֹן אַפְּךָ כה
יַשִּׂיגֵם: תְּהִי־טִירָתָם נְשַׁמָּה בְּאָהֳלֵיהֶם אַל־יְהִי יֹשֵׁב: 26
כִּי־אַתָּה אֲשֶׁר־הִכִּיתָ רָדָפוּ וְאֶל־מַכְאוֹב חֲלָלֶיךָ יְסַפֵּרוּ: 27
תְּנָה־עָוֹן עַל־עֲוֺנָם וְאַל־יָבֹאוּ בְּצִדְקָתֶךָ: יִמָּחוּ מִסֵּפֶר חַיִּים 28 29
וְעִם צַדִּיקִים אַל־יִכָּתֵבוּ: וַאֲנִי עָנִי וְכוֹאֵב יְשׁוּעָתְךָ אֱלֹהִים ל
תְּשַׂגְּבֵנִי: אֲהַלְלָה שֵׁם־אֱלֹהִים בְּשִׁיר וַאֲגַדְּלֶנּוּ בְתוֹדָה: 31
וְתִיטַב לַיהוָה מִשּׁוֹר פָּר מַקְרִן מַפְרִיס: רָאוּ עֲנָוִים יִשְׂמָחוּ 32 33
דֹּרְשֵׁי אֱלֹהִים וִיחִי לְבַבְכֶם: כִּי־שֹׁמֵעַ אֶל־אֶבְיוֹנִים 34
יְהוָה וְאֶת־אֲסִירָיו לֹא בָזָה: יְהַלְלוּהוּ שָׁמַיִם וָאָרֶץ יַמִּים לה
וְכָל־רֹמֵשׂ בָּם: כִּי אֱלֹהִים ׀ יוֹשִׁיעַ צִיּוֹן וְיִבְנֶה עָרֵי יְהוּדָה 36
וְיָשְׁבוּ שָׁם וִירֵשׁוּהָ: וְזֶרַע עֲבָדָיו יִנְחָלוּהָ וְאֹהֲבֵי שְׁמוֹ 37
יִשְׁכְּנוּ־בָהּ:

## ע

לַמְנַצֵּחַ לְדָוִד לְהַזְכִּיר: אֱלֹהִים לְהַצִּילֵנִי יְהוָה לְעֶזְרָתִי א 2

11 אוּנְד אִיךְ הָאבּ מֵיין נֶפֶשׁ אוֹיסְגֶעוֵויינְט
אִין פַאסְטֶען, אוּנְד דָאס אִיז מִיר (נָאךְ) צוּ
אַ שַׁאנְד גֶעוֶועזֶען: 12 אוּנְד אִיךְ הָאבּ
פַאר מֵיין קְלֵייד אָנְגֶעטְהוּן אַ זַאק, אוּנְד
אִיךְ בִּין צוּ זֵייא גֶעוָוארֶען פַאר אַ מָשָׁל:
13 דִיא וָואס זִיצֶען אִין דֶעם טוֹיעֶר רֶעדֶען
וֶועגֶען מִיר, אוּנְד (אִיבֶּער מִיר) זִינְגֶען דִיא
וֶועלְכֶע טְרִינְקֶען שְׁטַארְקֶע גֶעטְרֶענְק:
14 אָבֶּער אִיךְ, מֵיין גֶעבֶּעט אִיז צוּ דִיר,
אָ הַאר, אִין דֶער צֵייט פוּן בֶּעוִוילִיגוּנְג, אָ
גָאט, מִיט דֵיין גְרוֹיסֶען חֶסֶד זָאלְסְט דוּא
מִיר עֶנְטְפֶערְן, מִיט דֵיינֶע אֱמֶת׳עֶ הִילְף:
15 זֵייא מִיךְ מַצִיל פוּן דֶעם לֶעהְם אַז אִיךְ
זָאל נִיט זִינְקֶען, דָאס אִיךְ זָאל נִיצוֹל וֶוע־
רֶען פוּן מֵיינֶע פֵיינְד, אוּנְד פוּן דִיא טִיפֶע
וַואסֶער: 16 לָאז מִיךְ נִיט דֶער וַואסֶער־
שְׁטְרוֹים פֶערְפְלֵייצֶען, אוּנְד לָאז מִיךְ נִיט
דִיא טִיפֶענִים אֵיינְשְׁלִינְגֶען, אוּנְד לָאז נִיט
דֶער בְּרוּנֶען אוֹיף מִיר זֵיין מוֹיל פֶערְשְׁלִי־
סֶען: 17 עֶנְטְפֶער מִיר, אָ הַאר, וָוארִין
דֵיין חֶסֶד אִיז גוּט, אִין דֵיינֶע גְרוֹיסֶע
דֶערְבַּארְמוּנְג קֶעהְר דִיךְ צוּ מִיר: 18 אוּנְד
דוּא זָאלְסְט נִיט פֶערְבָּארְגֶען דֵיין פָּנִים פוּן
דֵיין קְנֶעכְט, וָוארִין מִיר אִיז עֶנְג, גִיךְ זָאלְסְט
דוּא מִיר עֶנְטְפֶערְן: 19 גֶענֶעהְן דִיךְ צוּ מֵיין נֶפֶשׁ, דֶערְלֶעז זִיא! וֶועגֶען מֵיינֶע פֵיינְד
דֶערְלֶעז מִיךְ: 20 דוּא וֵוייסְט מֵיינֶע חֶרְפָּה, אוּנְד מֵיינֶע שַׁאנְד אוּנְד מֵיין שְׁמַאךְ, פָאר
דִיר זֶענֶען אַלֶע מֵיינֶע בֶּעלֵיידִיגֶער: 21 דִיא חֶרְפָּה הָאט מֵיין הַארְץ צוּבְּרָאכֶען, אוּנְד אִיךְ
בִּין גֶעפֶעהְרלִיךְ קְרַאנְק גֶעוָוארֶען, אִיךְ הָאבּ גֶעהָאפְט בֶּעדוֹיעֶרְט צוּ וֶוערֶען, אָבֶּער עֶס אִיז
נִיט דָא, אוּנְד אוֹיף טְרֵייסְטֶער, אָבֶּער אִיךְ הָאבּ (זֵייא) נִיט גֶעפוּנֶען: 22 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען
אִין מֵיינֶע שְׁפֵּייז גִיפְט גֶעגֶעבֶּען אוּנְד אִין מֵיין דָארְשְׁט הָאבֶּען זֵייא מִיר גֶעגֶעבֶּען עֶסִיג צוּ
טְרִינְקֶען: 23 לָאז זֵייעֶר טִישׁ צוּ זֵייא וֶוערֶען אַ נֶעץ, צוּ אַ בֶּעצָאהְלוּנְג אוּנְד צוּ אַ שְׁטְרוֹיכְ־
לוּנְג: 24 זֵיירֶע אוֹיגֶען זָאלֶען זֵייא פֶערְפִינְסְטֶערְט וֶוערֶען פוּן צוּ זֶעהֶען, אוּנְד לָאזֶען זֵיירֶע
לֶענְדֶען שְׁטֶענְדִיג וַואנְקֶען (שְׁטְרוֹיכְלֶען): 25 גִיס אוֹיס אִיבֶּער זֵייא דֵיין צָארְן, אוּנְד דֵיין
גְרִימְצָארְן זָאל זֵייא גְרֵייכֶען: 26 לָאזֶען זֵיירֶע פַּאלַאסְטֶען פֶערְוִויסְט וֶוערֶען, אִין זֵיירֶע
גֶעצֶעלְטֶען זָאל נִיט זֵיין קֵיין בֶּעוְואוֹינֶער: 27 וָוארִין וֶועלְכֶען דוּא הָאסְט גֶעשְׁלָאגֶען יָא־
גֶען זֵייא נָאךְ, אוּנְד פוּן דִיא וֶועהְטָאג פוּן דֵיינֶע פֶערְוְואוּנְדֶעטֶע דֶערְצֶעהְלֶען זֵייא: 28 גִיבּ
שְׁטְרָאף אוֹיף זֵיירֶע זִינְד, אוּנְד לָאזֶען זֵייא נִיט קוּמֶען צוּ דֵיינֶע גֶערֶעכְטִיגְקֵייט: 29 זֵייא
זָאלֶען אוֹיסְגֶעמֶעקְט וֶוערֶען פוּן דֶעם בּוּךְ פוּן לֶעבֶּען, אוּנְד מִיט דִיא צַדִיקִים זָאלֶען זֵייא
נִיט אֵיינְגֶעשְׁרִיבֶּען וֶוערֶען: 30 אִיךְ בִּין אָבֶּער אָרֶעם אוּנְד מִיט שְׁמֶערְצֶען, דֵיינֶע הִילְף אָ
גָאט, זָאל מִיךְ שְׁטַארְקֶען (אָדֶער דֶערְהֶעבֶּען): 31 אִיךְ וֶועל דֶעם נָאמֶען פוּן גָאט לוֹיבֶּען
מִיט אַ גֶעזַאנְג, אוּנְד אִיךְ וֶועל אִיהְם גְרוֹיס הַאלְטֶען מִיט דַאנְק־לִידֶער: 32 אוּנְד דָאס וֶועט
פַאר דֶעם הַאר בֶּעסֶער זֵיין וִויא אַ יוּנְגֶער אָקְס מִיט הֶערְנֶער אוּנְד גֶעשְׁפָּאלְטֶענֶע קְלוֹיעֶן:
33 דִיא פְרוּמֶע (דֶעמוּטְהִיגֶע) וֶועלֶען עֶס זֶעהֶען אוּנְד זֵייא וֶועלֶען זִיךְ פְרֵייעֶן, דִיא וֶועלְכֶע
פָארְשֶׁען גָאט, אוּנְד אֵייעֶר הַארְץ וֶועט אוֹיפְלֶעבֶּען: 34 וָוארִין דֶער הַאר הֶערְט צוּ דִיא
נוֹיטְבֶּעדַארְפְטִיגֶע, אוּנְד זֵיינֶע גֶעפַאנְגֶענֶע פֶערְשֶׁעהְמְט עֶר נִיט: 35 עֶס וֶועלֶען אִיהְם לוֹיבֶּען
הִימֶעל אוּנְד עֶרְד, דִיא יַמִים אוּנְד אַלֶעס וָואס קְרִיכְט אִין זֵייא: 36 וָוארִין גָאט וֶועט
הֶעלְפֶען צִיוֹן אוּנְד עֶר וֶועט אוֹיפְבּוֹיעֶן דִיא שְׁטֶעט פוּן יְהוּדָה, אוּנְד זֵייא וֶועלֶען דָארְט
וְואוֹינֶען אוּנְד וֶועלֶען זֵייא יַרְשְׁנֶ׳ן: 37 אוּנְד דִיא קִינְדֶער פוּן זֵיינֶע קְנֶעכְט וֶועלֶען זֵייא
עֶרְבֶּען, אוּנְד דִיא וָואס לִיבֶּען זֵיין נָאמֶען וֶועלֶען דַארִין וְואוֹינֶען:

## תהלים ע

1 צוּ דֶעם זִינְגֶער,— פוּן דָוִד צוּם גֶעדֶענְקֶען: 2 אָ גָאט, (אֵיילֶע) מִיךְ מַצִיל צוּ זֵיין,
אָ הַאר

3 חוּשָׁה: יֵבֹשׁוּ וְיַחְפְּרוּ מְבַקְשֵׁי נַפְשִׁי יִסֹּגוּ אָחוֹר וְיִכָּלְמוּ
4 חֲפֵצֵי רָעָתִי: יָשׁוּבוּ עַל־עֵקֶב בָּשְׁתָּם הָאֹמְרִים הֶאָח ׀
ה הֶאָח: יָשִׂישׂוּ וְיִשְׂמְחוּ ׀ בְּךָ כָּל־מְבַקְשֶׁיךָ וְיֹאמְרוּ תָמִיד
6 יִגְדַּל אֱלֹהִים אֹהֲבֵי יְשׁוּעָתֶךָ: וַאֲנִי ׀ עָנִי וְאֶבְיוֹן אֱלֹהִים
חוּשָׁה־לִּי עֶזְרִי וּמְפַלְטִי אַתָּה יְהוָה אַל־תְּאַחַר:

## עא

עא

2 א בְּךָ־יְהוָה חָסִיתִי אַל־אֵבוֹשָׁה לְעוֹלָם: בְּצִדְקָתְךָ תַּצִּילֵנִי
3 וּתְפַלְּטֵנִי הַטֵּה־אֵלַי אָזְנְךָ וְהוֹשִׁיעֵנִי: הֱיֵה לִי ׀ לְצוּר
מָעוֹן לָבוֹא תָּמִיד צִוִּיתָ לְהוֹשִׁיעֵנִי כִּי־סַלְעִי וּמְצוּדָתִי אָתָּה:
4 ה אֱלֹהַי פַּלְּטֵנִי מִיַּד רָשָׁע מִכַּף מְעַוֵּל וְחוֹמֵץ: כִּי־אַתָּה
6 תִקְוָתִי אֲדֹנָי יְהוִה מִבְטַחִי מִנְּעוּרָי: עָלֶיךָ ׀ נִסְמַכְתִּי מִבֶּטֶן
7 מִמְּעֵי אִמִּי אַתָּה גוֹזִי בְּךָ תְהִלָּתִי תָמִיד: כְּמוֹפֵת הָיִיתִי
8 לְרַבִּים וְאַתָּה מַחֲסִי־עֹז: יִמָּלֵא פִי תְּהִלָּתֶךָ כָּל־הַיּוֹם
9 תִּפְאַרְתֶּךָ: אַל־תַּשְׁלִיכֵנִי לְעֵת זִקְנָה כִּכְלוֹת כֹּחִי אַל־
י תַּעַזְבֵנִי: כִּי־אָמְרוּ אוֹיְבַי לִי וְשֹׁמְרֵי נַפְשִׁי נוֹעֲצוּ יַחְדָּו:
11 12 לֵאמֹר אֱלֹהִים עֲזָבוֹ רִדְפוּ וְתִפְשׂוּהוּ כִּי־אֵין מַצִּיל: אֱלֹהִים
13 אַל־תִּרְחַק מִמֶּנִּי אֱלֹהַי לְעֶזְרָתִי חוּשָׁה: יֵבֹשׁוּ יִכְלוּ שֹׂטְנֵי
14 נַפְשִׁי יַעֲטוּ חֶרְפָּה וּכְלִמָּה מְבַקְשֵׁי רָעָתִי: וַאֲנִי תָּמִיד
טו אֲיַחֵל וְהוֹסַפְתִּי עַל־כָּל־תְּהִלָּתֶךָ: פִּי ׀ יְסַפֵּר צִדְקָתֶךָ כָּל־
16 הַיּוֹם תְּשׁוּעָתֶךָ כִּי לֹא יָדַעְתִּי סְפֹרוֹת: אָבוֹא בִּגְבֻרוֹת
17 אֲדֹנָי יְהוִה אַזְכִּיר צִדְקָתְךָ לְבַדֶּךָ: אֱלֹהִים לִמַּדְתַּנִי
18 מִנְּעוּרָי וְעַד־הֵנָּה אַגִּיד נִפְלְאוֹתֶיךָ: וְגַם עַד־זִקְנָה ׀ וְשֵׂיבָה
אֱלֹהִים אַל־תַּעַזְבֵנִי עַד־אַגִּיד זְרוֹעֲךָ לְדוֹר לְכָל־יָבוֹא
19 גְּבוּרָתֶךָ: וְצִדְקָתְךָ אֱלֹהִים עַד־מָרוֹם אֲשֶׁר־עָשִׂיתָ גְדֹלוֹת
כ אֱלֹהִים מִי כָמוֹךָ: אֲשֶׁר הִרְאִיתַנוּ ׀ צָרוֹת רַבּוֹת וְרָעוֹת
21 תָּשִׁיב תְּחַיֵּנוּ וּמִתְּהֹמוֹת הָאָרֶץ תָּשׁוּב תַּעֲלֵנוּ: תֶּרֶב ׀
22 גְּדֻלָּתִי וְתִסֹּב תְּנַחֲמֵנִי: גַּם־אֲנִי ׀ אוֹדְךָ בִכְלִי־נֶבֶל אֲמִתְּךָ

אָ הַאר, אֵיילֶע צוּ מֵיינֶע הִילְף: 3 זַייא וֶועלֶען פֶערְשֶׁעהְמְט אוּנְד צוּ שַׁאנְדֶע וֶוערֶען דִיא וָואס זוּכֶען מֵיין נֶפֶשׁ, זַייא וֶועלֶען זִיךְ צוּרִיקְקֶעהְרֶען אוּנְד פֶערְשֶׁעהְמְט וֶוערֶען, דִיא וָואס בֶּעגֶעהְרֶען מֵיין שְׁלֶעכְטֶעס: 4 לָאזֶען זַייא צוּרִיקְקֶעהְרֶען וֶועגֶען זֵייעֶרע שַׁאנְד, דִיא וָואס זָאגֶען אוֹי וֶועה, אוֹי וֶועה: 5 עֶס זָאלֶען זִיךְ אִין דִיר פְרֵייעֶן אוּנְד פְרֶעהְלִיךְ זֵיין אַלֶע וָואס זוּכֶען דִיךְ, אוּנְד לָאזֶען דִיא וֶועלְכֶע הָאבֶּען לִיבּ דֵיינֶע הִילְף שְׁטֶענְדִיג זָאגֶען, גָאט אִיז גְרוֹיס: 6 אָבֶּער אִיךְ בִּין אָרֶעם אוּנְד בֶּעדַארְפְטִיג, אָ גָאט, אֵיילֶע צוּ מִיר! דוּא בִּיזְט מֵיין הֶעלְפֶער אוּנְד מֵיין אַנְטְרִינֶער, אָ הַאר, פֶערְזוֹים דִיךְ נִיט:

### תהלים עא

1 אִין דִיר, אָ הַאר, בֶּעשִׁיץ אִיךְ מִיךְ, לָאז מִיךְ עֶבִּיג נִיט פֶערְשֶׁעהְמְט וֶוערֶען: 2 אִין דֵיינֶע גֶערֶעכְטִיגְקֵייט זַייא מִיךְ מַצִיל, אוּנְד מַאךְ מִיךְ אַנְטְרִינֶען, נֵייג צוּ מִיר דֵיין אוֹיעֶר אוּנְד הֶעלְף מִיר: 3 זָאלְסְט צוּ מִיר זֵיין אַ פֶעלְזֶען—וְואוֹינוּנְג, כְּדֵי שְׁטֶענְדִיג צוּ קוּמֶען, דוּא הָאסְט גֶעבָּאטֶען מִיר צוּ הֶעלְפֶען; וָוארִין דוּא בִּיזְט מֵיין פֶעלְז אוּנְד מֵיינֶע פֶעסְטוּנְג: 4 מֵיין גָאט, מַאךְ מִיךְ אַנְטְרִינֶען פוּן דֶער הַאנְד פוּן דֶעם רָשָׁע, פוּן דֶער הַאנְד פוּן דֶעם אוּמְגֶערֶעכְטֶען אוּנְד אוּנְטֶערְדְרִיקֶער: 5 וָוארִין דוּא בִּיזְט מֵיינֶע הָאפֶענוּנְג, אָ הַאר גָאט! מֵיינֶע פֶערְזִיכֶערוּנְג פוּן מֵיינֶע יוּגֶענְד אָן: 6 אוֹיף דִיר הָאבּ אִיךְ מִיךְ אָנְגֶעלֶעהְנְט פוּן מֵיין מוּטֶער־לֵייבּ אָן, דוּא הָאסְט מִיךְ אַרוֹיסְגֶעצוֹיגֶען פוּן מֵיין מוּטֶער'ס לֵייבּ, אִין דִיר אִיז שְׁטֶענְדִיג מֵיין לוֹיבּ: 7 אִיךְ בִּין גֶעוָוארֶען אַ וְואוּנְדֶער צוּ פִילֶע, אָבֶּער דוּא בִּיזְט מֵיינֶע שְׁטַארְקֶע בֶּעשִׁיצוּנְג: 8 מֵיין מוֹיל וֶועט זֵיין פוּל מִיט דֵיין לוֹיבּ, דֶעם גַאנְצֶען טָאג—פוּן דֵיינֶע שֶׁעהְנְקֵייט (הֶערְלִיכְקֵייט): 9 דוּא זָאלְסְט מִיךְ נִיט פֶערְוַוארְפֶען אִין דֶער צֵייט פוּן מֵיינֶע עֶלְטֶער! וֶוען מֵיינֶע קְרַאפְט וֶועט זִיךְ עֶנְדִיגֶען זָאלְסְט דוּא מִיךְ נִיט פֶערְלָאזֶען: 10 וָוארִין מֵיינֶע פֵיינְד רֶעדֶען פוּן מִיר, אוּנְד דִיא וָואס וַוארְטֶען אוֹיף מֵיין נֶפֶשׁ בֶּערָאטֶען זִיךְ צוּזַאמֶען: 11 אוּנְד זָאגֶען, גָאט הָאט אִיהְם פֶערְלָאזְט, יָאגְט אִיהְם נָאךְ אוּנְד חַאפְּט אִיהְם, וָוארִין עֶס אִיז נִיט דָא וֶוער עֶס זָאל אִיהְם מַצִיל זֵיין: 12 אָ גָאט, דֶערְוֵוייטֶער דִיךְ נִיט פוּן מִיר, מֵיין גָאט, אֵיילֶע צוּ מֵיינֶע הִילְף: 13 זַייא זָאלֶען פֶערְשֶׁעהְמְט אוּנְד פֶערְלֶענְט וֶוערֶען וָואס הַאסֶען מֵיין נֶפֶשׁ, זַייא זָאלֶען בֶּעדֶעקְט זֵיין מִיט שְׁמַאךְ אוּנְד שַׁאנְד וָואס זוּכֶען מֵיין שְׁלֶעכְטֶעס: 14 אָבֶּער אִיךְ וֶועל שְׁטֶענְדִיג הָאפֶען, אוּנְד אִיךְ וֶועל דֵיין גַאנְצֶען לוֹיבּ פֶערְמֶעהְרֶען: 15 מֵיין מוֹיל וֶועט דֵיינֶע גֶערֶעכְטִיגְקֵייט דֶערְצֶעהְלֶען, דֶעם גַאנְצֶען טָאג (וֶועגֶען) דֵיינֶע הִילְף, וָוארִין אִיךְ ווֵייס נִיט זֵייעֶרע צָאהְל: 16 אִיךְ וֶועל קוּמֶען אִין דֶער שְׁטַארְקְהֵייט פוּן דֶעם הַאר, אִיךְ וֶועל דֶערְמָאנֶען דֵיינֶע גֶערֶעכְטִיגְקֵייט,— דִיךְ אַלֵיין: 17 אָ גָאט, דוּא הָאסְט מִיךְ גֶעלֶערְנְט פוּן מֵיינֶע יוּגֶענְד אָן, אוּנְד בִּיז אַצוּנְד דֶערְצֶעהְל אִיךְ דֵיינֶע וְואוּנְדֶער: 18 אוּנְד אוֹיךְ בִּיז אִין דֶער עֶלְטֶער אוּנְד גְרֵייז, זָאלְסְט דוּא מִיךְ נִיט פֶערְלָאזֶען אָ גָאט, בִּיז אִיךְ וֶועל דֵיינֶע שְׁטַארְקְהֵייט דֶערְצֶעהְלֶען צוּ דֶעם דוֹר, צוּ אַלֶע וָואס וֶועלֶען קוּמֶען (וֶועל אִיךְ דֶערְצֶעהְלֶען) פוּן דֵיינֶע שְׁטַארְקְהֵייט: 19 אוּנְד דֵיינֶע גֶערֶעכְטִיגְקֵייט אָ גָאט, גְרֵייכְט בִּיז אִין דֶער הֵייךְ; ווֵייל דוּא הָאסְט גְרוֹיסְקֵייט גֶעטְהוּן, אָ גָאט, וֶוער אִיז גְלֵייךְ צוּ דִיר? 20 וֶוען דוּא הָאסְט מִיךְ אַפִילוּ גֶעלָאזְט זֶעהֶען פִיל צָרוֹת אוּנְד אוּמְגְלִיקֶען, דָאךְ וֶועסְט דוּא מִיךְ ווִידֶער דֶערְקְווִיקֶען, אוּנְד דוּא וֶועסְט מִיךְ פוּן דִיא אָפְּגְרוּנְדֶען פוּן דֶער עֶרְד ווִידֶער אַרוֹיפְבְּרֶענְגֶען: 21 דוּא וֶועסְט פֶערְמֶעהְרֶען מֵיינֶע גְרוֹיסְקֵייט, אוּנְד דוּא וֶועסְט מִיךְ אַרוּמְרִינְגֶעלְן מִיט טְרוֹיסְט: 22 אִיךְ וֶועל דִיךְ אוֹיךְ לוֹיבֶּען מִיט אַ פִידֶעל וֶועגֶען דֵיין אֶמֶת, אָ גָאט, אִיךְ וֶועל צוּ דִיר שְׁפִּילֶען מִיט אַ הַארְף

אֱלֹהָי אֲזַמְּרָה לְךָ בְכִנּוֹר קְדוֹשׁ יִשְׂרָאֵל׃ תְּרַנֵּנָּה שְׂפָתַי כִּי 23
אֲזַמְּרָה־לָּךְ וְנַפְשִׁי אֲשֶׁר פָּדִיתָ׃ גַּם־לְשׁוֹנִי כָּל־הַיּוֹם תֶּהְגֶּה 24
צִדְקָתֶךָ כִּי־בֹשׁוּ כִּי־חָפְרוּ מְבַקְשֵׁי רָעָתִי׃

## עב

עב

לִשְׁלֹמֹה ׀ אֱלֹהִים מִשְׁפָּטֶיךָ לְמֶלֶךְ תֵּן וְצִדְקָתְךָ לְבֶן־מֶלֶךְ׃ א
יָדִין עַמְּךָ בְצֶדֶק וַעֲנִיֶּיךָ בְמִשְׁפָּט׃ יִשְׂאוּ הָרִים שָׁלוֹם 2 3
לָעָם וּגְבָעוֹת בִּצְדָקָה׃ יִשְׁפֹּט ׀ עֲנִיֵּי־עָם יוֹשִׁיעַ לִבְנֵי אֶבְיוֹן 4
וִידַכֵּא עוֹשֵׁק׃ יִירָאוּךָ עִם־שָׁמֶשׁ וְלִפְנֵי יָרֵחַ דּוֹר דּוֹרִים׃ ה
יֵרֵד כְּמָטָר עַל־גֵּז כִּרְבִיבִים זַרְזִיף אָרֶץ׃ יִפְרַח־בְּיָמָיו 6 7
צַדִּיק וְרֹב שָׁלוֹם עַד־בְּלִי יָרֵחַ׃ וְיֵרְדְּ מִיָּם עַד־יָם וּמִנָּהָר 8
עַד־אַפְסֵי־אָרֶץ׃ לְפָנָיו יִכְרְעוּ צִיִּים וְאֹיְבָיו עָפָר יְלַחֵכוּ׃ 9
מַלְכֵי תַרְשִׁישׁ וְאִיִּים מִנְחָה יָשִׁיבוּ מַלְכֵי שְׁבָא וּסְבָא י
אֶשְׁכָּר יַקְרִיבוּ׃ וְיִשְׁתַּחֲווּ־לוֹ כָל־מְלָכִים כָּל־גּוֹיִם 11
יַעַבְדוּהוּ׃ כִּי־יַצִּיל אֶבְיוֹן מְשַׁוֵּעַ וְעָנִי וְאֵין־עֹזֵר לוֹ׃ יָחֹס 12 13
עַל־דַּל וְאֶבְיוֹן וְנַפְשׁוֹת אֶבְיוֹנִים יוֹשִׁיעַ׃ מִתּוֹךְ וּמֵחָמָס 14
יִגְאַל נַפְשָׁם וְיֵיקַר דָּמָם בְּעֵינָיו׃ וִיחִי וְיִתֶּן־לוֹ מִזְּהַב טו
שְׁבָא וְיִתְפַּלֵּל בַּעֲדוֹ תָמִיד כָּל־הַיּוֹם יְבָרְכֶנְהוּ׃ יְהִי פִסַּת־ 16
בַּר ׀ בָּאָרֶץ בְּרֹאשׁ הָרִים יִרְעַשׁ כַּלְּבָנוֹן פִּרְיוֹ וְיָצִיצוּ
מֵעִיר כְּעֵשֶׂב הָאָרֶץ׃ יְהִי שְׁמוֹ ׀ לְעוֹלָם לִפְנֵי־שֶׁמֶשׁ יִנּוֹן 17
שְׁמוֹ וְיִתְבָּרְכוּ בוֹ כָּל־גּוֹיִם יְאַשְּׁרוּהוּ׃ בָּרוּךְ ׀ יְהוָה אֱלֹהִים 18
אֱלֹהֵי יִשְׂרָאֵל עֹשֵׂה נִפְלָאוֹת לְבַדּוֹ׃ וּבָרוּךְ ׀ שֵׁם כְּבוֹדוֹ 19
לְעוֹלָם וְיִמָּלֵא כְבוֹדוֹ אֶת־כָּל־הָאָרֶץ אָמֵן ׀ וְאָמֵן׃ כָּלּוּ כ
תְפִלּוֹת דָּוִד בֶּן־יִשָׁי׃

ספר שלישי

## עג

עג

מִזְמוֹר לְאָסָף אַךְ טוֹב לְיִשְׂרָאֵל אֱלֹהִים לְבָרֵי לֵבָב׃ א

---

הַארְף, אַ דוּא הֵיילִיגֶער פוּן יִשְׂרָאֵל:
23 מֵיינֶע לֶעפְּצֶען וֶועלֶען צוּ דִיר זִינְגֶען,
וֶוען אִיךְ וֶועל צוּ דִיר שְׁפִּילֶען; אַפִילוּ
מֵיין נֶפֶשׁ (וֶועט זִינְגֶען) וָואס דוּא הָאסְט
אוֹיסְגֶעלֶעזְט: 24 מֵיינֶע צוּנְג וֶועט אוֹיךְ
דֶעם גַאנְצֶען טָאג רֶעדֶען פוּן דֵיינֶע גֶע־
רֶעכְטִיגְקֵייט, וָוארִין דִיא וֶועלְכֶע זוּכֶען
מֵיין אוּמְגְלִיק, זֶענֶען פֶערְשֶׁעהְמְט אוּנְד
צוּ שַׁאנְדֶען גֶעוָוארֶען:

### תהלים עב

1 פוּן שְׁלֹמֹה—אָ גָאט, גִיבּ דֵיינֶע
מִשְׁפָּטִים צוּ דֶעם קֶענִיג, אוּנְד דֵיינֶע
גֶערֶעכְטִיגְקֵייט צוּ דֶעם קֶענִיג׳ס זוּהְן:
2 עֶר וֶועט דֵיין פָאלְק רִיכְטֶען מִיט גֶע־
רֶעכְטִיגְקֵייט, אוּנְד דֵיינֶע אָרֶעמֶע מִיט
מִשְׁפָּט: 3 דִיא בֶּערְג וֶועלֶען צוּ דֶעם
פָאלְק שָׁלוֹם בְּרֶענְגֶען (אָדֶער אוֹיפְהֶעבֶּען),
אוּנְד דִיא הִיגֶעל דוּרְךְ גֶערֶעכְטִיגְקֵייט:
4 עֶר וֶועט מִשְׁפָּט׳ן דִיא אָרֶעמֶע פוּן
דֶעם פָאלְק, עֶר וֶועט הֶעלְפֶען דִיא קִינְדֶער
פוּן דִיא בֶּעדַארְפְטִיגֶע, אָבֶּער דֶעם בֶּע־
דְרִיקֶער וֶועט עֶר צוּשְׁטוֹיסֶען: 5 מֶען
וֶועט פָאר דִיר מוֹרָא הָאבֶּען אַזוֹי לַאנְג
וִויא דִיא זוּן אִיז דָא, אוּנְד פָאר דִיא
לְבָנָה פוּן דוֹר צוּ דוֹר: 6 עֶר וֶועט אַרוּפְנִידֶערְן וִויא רֶעגֶען אוֹיף דֶעם אָפְּגֶעשְׁנִיטֶענֶעם
(גְרָאז), וִויא שְׁפְּרֵייא־רֶעגֶען וָואס בֶּענֶעצְט דִיא עֶרְד: 7 אִין זֵיינֶע טֶעג וֶועט דֶער צַדִיק
בְּלִיהֶען, אוּנְד פִיל שָׁלוֹם (וֶועט זֵיין) בִּיז דִיא לְבָנָה וֶועט נִיט מֶעהְר זֵיין: 8 אוּנְד עֶר
וֶועט הֶערְשֶׁען פוּן אֵיין יַם בִּיז צוּ דֶעם אַנְדֶערְן יַם, אוּנְד פוּן דֶעם טֵייךְ בִּיז צוּ דִיא
עֶנְדֶען פוּן דֶער עֶרְד: 9 פָאר אִיהְם וֶועלֶען קְנִיעֶן (דִיא אֵיינְוְואוֹינֶער) פוּן דִיא וִויסְטֶענִים,
אוּנְד זֵיינֶע פֵיינְד וֶועלֶען דֶעם שְׁטוֹיבּ לֶעקֶען: 10 דִיא מְלָכִים פוּן תַּרְשִׁישׁ אוּנְד פוּן
דִיא אִינְזֶעלְן וֶועלֶען מַתָּנוֹת בְּרֶענְגֶען, דִיא מְלָכִים פוּן שְׁבָא אוּנְד סְבָא וֶועלֶען זִיךְ גֶע־
נֶעהְנֶען מִיט מַתָּנוֹת: 11 אוּנְד אַלֶע מְלָכִים וֶועלֶען זִיךְ צוּ אִיהְם בִּיקֶען, אוּנְד אַלֶע פֶעלְקֶער
וֶועלֶען אִיהְם דִינֶען: 12 וָוארִין עֶר וֶועט דֶעם בֶּעדַארְפְטִיגֶען מַצִיל זֵיין וֶוען עֶר שְׁרֵייט,
אוּנְד דֶעם אָרֶעמֶען, אוּנְד דֶעם וָואס הָאט קֵיין הֶעלְפֶער: 13 עֶר וֶועט מִיטְלֵייד הָאבֶּען
אִיבֶּער דִיא אָרֶעמֶע אוּנְד נוֹיטְבֶּעדַארְפְטִיגֶע, אוּנְד עֶר וֶועט הֶעלְפֶען דִיא זֶעלֶע פוּן דִיא
אָרֶעמֶע: 14 פוּן בֶּעדְרִיקוּנְג אוּנְד רוֹיבּוּנְג וֶועט עֶר זֵייעֶר נֶפֶשׁ אוֹיסְלֶעזֶען, אוּנְד זֵייעֶר
בְּלוּט וֶועט אִין זֵיינֶע אוֹיגֶען טֵייעֶר זֵיין: 15 אוּנְד עֶר וֶועט לֶעבֶּען, אוּנְד מֶען וֶועט
אִיהְם גֶעבֶּען פוּן דֶעם גָאלְד פוּן שְׁבָא; אוּנְד מֶען וֶועט שְׁטֶענְדִיג זֵיינֶעטְוֶועגֶען בֶּעטֶען,
דֶעם גַאנְצֶען טָאג וֶועט מֶען אִיהְם בֶּענְשֶׁען: 16 עֶס וֶועט אִים לַאנְד זֵיין אַ פֶערְמֶעהְרוּנְג
פוּן תְּבוּאָה (גֶעטְרֵיידֶע) בִּיז אוֹיף דֶער שְׁפִּיץ פוּן דִיא בֶּערְג, זֵיינֶע פֵּירוֹת וֶועלֶען רוֹישֶׁען
וִויא דֶער לְבָנוֹן, אוּנְד זֵייא וֶועלֶען פוּן דִיא שְׁטָאט אַרוֹיסְשְׁפְּרָאצֶען וִויא דָאס גְרָאז פוּן
דֶער עֶרְד: 17 זֵיין נָאמֶען וֶועט עֶבִּיג בְּלֵייבֶּען, אַזוֹי לַאנְג וִויא דִיא זוּן אִיז וֶועט זִיךְ זֵיין
נָאמֶען פְלַאנְצֶען, אוּנְד מֶען וֶועט זִיךְ דוּרְךְ אִיהְם בֶּענְשֶׁען, אַלֶע גוֹיִם וֶועלֶען אִיהְם רִיהְמֶען:
18 גֶעלוֹיבְּט זָאל זֵיין דֶער הַאר, דֶער גָאט, גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל וֶועלְכֶער אַלֵיין טְהוּט וְואוּנְ־
דֶער: 19 אוּנְד גֶעלוֹיבְּט זָאל זֵיין דֶער נָאמֶען פוּן זֵיין כָּבוֹד בִּיז עֶבִּיג, אוּנְד דִיא גַאנְצֶע
עֶרְד זָאל דֶערְפִילְט וֶוערֶען מִיט זֵיין כָּבוֹד! אָמֵן, אוּנְד אָמֵן! 20 דִיא תְּפִלּוֹת פוּן דָוִד,
דֶער זוּהְן פוּן יִשַׁי, זֶענֶען גֶעעֶנְדִיגְט:

---

## ספר שלישי

---

### תהלים עג

1 אַ גֶעזַאנְג פוּן אָסָף—נֵייעֶרְט גָאט אִיז גוּט צוּ יִשְׂרָאֵל, צוּ דִיא וָואס הָאבֶּען
רֵיינֶע הֶערְצֶער: 2 אִיךְ אָבֶּער,—מֵיינֶע פִיס זֶענֶען שִׁיעֶר אָפְּגֶענֵייגְט גֶעוָוארֶען
אוּנְד

2 ואני כמעט נטוי רגלי כאין שפכה אשרי: כי קנאתי
3
4 בהוללים שלום רשעים אראה: כי אין חרצבות למותם
ה ובריא אולם: בעמל אנוש אינמו ועם־אדם לא ינגעו:
6 לכן ענקתמו גאוה יעטף־שית חמס למו: יצא מחלב
7
8 עינמו עברו משכיות לבב: ימיקו | וידברו ברע עשק
9 ממרום ידברו: שתו בשמים פיהם ולשונם תהלך בארץ:
י לכן ישיב עמו הלם ומי מלא ימצו למו: ואמרו איכה
11
12 ידע־אל ויש דעה בעליון: הנה־אלה רשעים ושלוי
13 עולם השגו־חיל: אך־ריק זכיתי לבבי וארחץ בנקיון
14 כפי: ואהי נגוע כל־היום ותוכחתי לבקרים: אם־אמרתי
טו
16 אספרה כמו הנה דור בניך בגדתי: ואחשבה לדעת
17 זאת עמל היא בעיני: עד־אבוא אל־מקדשי־אל אבינה
18 לאחריתם: אך בחלקות תשית למו הפלתם למשואות:
19 איך היו לשמה כרגע ספו תמו מן־בלהות: כחלום
כ מהקיץ אדני בעיר | צלמם תבזה: כי יתחמץ לבבי
21
22 וכליותי אשתונן: ואני־בער ולא אדע בהמות הייתי
23 עמך: ואני תמיד עמך אחזת ביד ימיני: בעצתך תנחני
24
כה ואחר כבוד תקחני: מי־לי בשמים ועמך לא־חפצתי
26 בארץ: כלה שארי ולבבי צור־לבבי וחלקי אלהים
27 לעולם: כי־הנה רחקיך יאבדו הצמתה כל־זונה ממך:
28 ואני | קרבת אלהים לי־טוב שתי | באדני יהוה מחסי
לספר כל־מלאכותיך:

עד עד

א משכיל לאסף למה אלהים זנחת לנצח יעשן אפך
2 בצאן מרעיתך: זכר עדתך | קנית קדם גאלת שבט
3 נחלתך הר־ציון זה | שכנת בו: הרימה פעמיך למשאות
4 נצח כל־הרע אויב בקדש: שאגו צורריך בקרב מועדך

אונד וויא גארניט זענען (שיער) מיינע טריט אויסגעגליטשט געוואָרען: 3 וואָרין איך האָב מקנא געוועזען דיא בעריהמער, ווען איך האָב געזעהען דעם שלום פון דיא רשעים: 4 וואָרין זייא האָבען קיינע אַנגסטען ביז זייער טויט, אונד זייא זענען שטאַרק געזונד: 5 מידיגקייט וויא אַנדערע מענשען האָבען זייא ניט, אונד זייא ווערען ניט געפּלאָגט וויא אַנדערע מענשען: 6 דאַרום צירען זייא זיך אָן מיט גאַוה, רויבעריא בעדעקט זייא וויא א קלייד: 7 זייערע אויגען געהען אַרויס פאַר פעטקייט, זייא געהען דורך דיא טראַכטונגען פון זייער האַרץ: 8 זייא מאַכען צונעהן (שמעלצען) אונד זייא רעדען שלעכטעס פון רויבעריא, פון דער הייך רעדען זייא: 9 זייא האָבען זייער מויל קעגען דעם הימעל געטהון, אונד זייערע צונג געהט דורך דיא ערד: 10 דאַריבער קומט זיין פאָלק אַהער צוריק, אונד (וויא) פיל וואַסער ווערען זייא איינגעזויגען צו זייא: 11 אונד זייא זאָגען, וויא קען עס גאָט וויסען? אונד איז דען דאָ ערקענונג בייא דעם אויבערשטען?
12 זעה, דיא דאָזיגע רשעים וואָס זענען עביג רוהיג (גליקליך), אונד מאַכען גרויס זייער פערמעגען: 13 נייערט איך האָב אומזיסט מיין האַרץ ריין געמאַכט, אונד האָב מיינע הענד (אומזיסט) אין אומשולדיגקייט געוואַשען: 14 אונד (דאָך) בין איך דעם גאַנצען טאָג געפּלאָגט, אונד געשטראָפט אַלע פריהמאָרגען: 15 ווען איך האָב געזאָגט (געטראַכט) דאָס איך וועל דערצעהלען וויא (זייא) אַזוי וואָלט איך געפעלשט מיט דעם דור פון דיינע קינדער: 16 אונד אַז איך האָב געטראַכט דאָס דאָזיגע צו וויסען, אַזוי איז עס (געוועזען) א מידיגקייט אין מיינע אויגען: 17 ביז איך בין געקומען אין דעם בית המקדש פון גאָט אַזוי האָב איך פערשטאַנען זייער ענד: 18 נייערט דו האָסט זייא געשטעלט אויף גליטשקייט (גלאַטע ערטער), דו האָסט זייא (אָבער) געמאַכט פאַלען צו פערוויסטונגען: 19 וויא זענען זייא אין א רגע אַזוי פערוויסט געוואָרען! זייא האָבען זיך אויסגעלאָזט אונד זיך געענדיגט פון טויט־שרעקענים: 20 וויא א חלום ווען איינער דערוואַכט זיך, אָ האַר! אַזוי מאַכסט דו זייערע געשטאַלט אין דער שטאָט פערשעהמט: 21 וואָרין ער האָט זויער געמאַכט (געשמערצט) מיין האַרץ, אונד מיר געשאַרפט (געשטאָכען) מיינע נירען: 22 אונד איך בין אָבער א נאַר, אונד האָב עס ניט געוואוסט, איך בין קעגען דיר געוועזען וויא דיא בהמות: 23 אָבער איך בין שטענדיג בייא דיר, דו האָסט מיינע רעכטע האַנד אָנגענומען: 24 מיט דיינע עצה וועסט דו מיך פיהרען, אונד נאָכדעם וועסט דו מיך מיט כבוד אויפנעמען: 25 וועמען האָב איך דען אין דעם הימעל? אונד אַז איך בין מיט דיר, האָב איך קיינעם ניט בעגעהרט אויף דער ערד: 26 ווען מיין לייב אונד האַרץ איז פערשמאַכט, אַזוי איז גאָט דער פעלז פון מיין האַרץ אונד מיין טהייל אויף עביג: 27 וואָרין זעה, דיא וועלכע דערווייטערן זיך פון דיר, וועלען פערלוירען ווערען, דו ברענגסט אום אַלע וואָס קעהרען זיך אָפּ פון דיר: 28 אָבער איך — עס איז פאַר מיר גוט דאָס איך בין צו גאָט נאָהענט, איך האָב געמאַכט מיינע בעשיצונג אין דעם האַר גאָט, כדי צו דערצעהלען פון אַלע דיינע מעשים:

תהלים עד

1 א בעטראַכטונג פון אָסף — פאַרוואַס, אָ גאָט, האָסט דו אויף עביג פערלאָזען? דיין צאָרן רייכערט קעגען דיא שאָף פון דיינע ווייָדע: 2 געדענק אן דיינע געמיינדע וועלכע דו האָסט פון פערצייטען געקויפט, דו האָסט אויסגעלעזט דעם שבט פון דיין ערבטהייל, אויף דעם דאָזיגען באַרג ציון — אויף וועלכען דו האָסט געוואוינט: 3 העב אויף דיינע טריט צו דיא עביגע פערוויסטונג, דער פיינד האָט אַלעם אין דיא היילינגקייט פערדאָרבען: 4 דיינע

שְׁמוֹ אוֹתֹתָם אֹתוֹת׃ יִוָּדַע כְּמֵבִיא לְמָעְלָה בִּסֲבָךְ־עֵץ ה
קַרְדֻּמּוֹת׃ וְעַתָּ פִּתּוּחֶיהָ יָּחַד בְּכַשִּׁיל וְכֵילַפֹּת יַהֲלֹמוּן׃ 6
שִׁלְחוּ בָאֵשׁ מִקְדָּשֶׁךָ לָאָרֶץ חִלְּלוּ מִשְׁכַּן־שְׁמֶךָ׃ אָמְרוּ 7 8
בְלִבָּם נִינָם יָחַד שָׂרְפוּ כָל־מוֹעֲדֵי־אֵל בָּאָרֶץ׃ אוֹתֹתֵינוּ 9
לֹא־רָאִינוּ אֵין־עוֹד נָבִיא וְלֹא־אִתָּנוּ יֹדֵעַ עַד־מָה׃ עַד־ י
מָתַי אֱלֹהִים יְחָרֶף צָר יְנָאֵץ אוֹיֵב שִׁמְךָ לָנֶצַח׃ לָמָּה 11
תָשִׁיב יָדְךָ וִימִינֶךָ מִקֶּרֶב חוֹקְךָ כַלֵּה׃ וֵאלֹהִים מַלְכִּי 12
מִקֶּדֶם פֹּעֵל יְשׁוּעוֹת בְּקֶרֶב הָאָרֶץ׃ אַתָּה פוֹרַרְתָּ בְעָזְּךָ 13
יָם שִׁבַּרְתָּ רָאשֵׁי תַנִּינִים עַל־הַמָּיִם׃ אַתָּה רִצַּצְתָּ רָאשֵׁי 14
לִוְיָתָן תִּתְּנֶנּוּ מַאֲכָל לְעָם לְצִיִּים׃ אַתָּה בָקַעְתָּ מַעְיָן וָנָחַל טו
אַתָּה הוֹבַשְׁתָּ נַהֲרוֹת אֵיתָן׃ לְךָ יוֹם אַף־לְךָ לָיְלָה אַתָּה 16
הֲכִינוֹתָ מָאוֹר וָשָׁמֶשׁ׃ אַתָּה הִצַּבְתָּ כָּל־גְּבוּלוֹת אָרֶץ קַיִץ 17
וָחֹרֶף אַתָּה יְצַרְתָּם׃ זְכָר־זֹאת אוֹיֵב חֵרֵף ׀ יְהוָה וְעַם־ 18
נָבָל נִאֲצוּ שְׁמֶךָ׃ אַל־תִּתֵּן לְחַיַּת נֶפֶשׁ תּוֹרֶךָ חַיַּת עֲנִיֶּיךָ 19
אַל־תִּשְׁכַּח לָנֶצַח׃ הַבֵּט לַבְּרִית כִּי־מָלְאוּ מַחֲשַׁכֵּי־אֶרֶץ כ
נְאוֹת חָמָס׃ אַל־יָשֹׁב דַּךְ נִכְלָם עָנִי וְאֶבְיוֹן יְהַלְלוּ שְׁמֶךָ׃ 21
קוּמָה אֱלֹהִים רִיבָה רִיבֶךָ זְכֹר חֶרְפָּתְךָ מִנִּי־נָבָל כָּל־ 22
הַיּוֹם׃ אַל־תִּשְׁכַּח קוֹל צֹרְרֶיךָ שְׁאוֹן קָמֶיךָ עֹלֶה תָמִיד׃ 23

עה

עה

לַמְנַצֵּחַ אַל־תַּשְׁחֵת מִזְמוֹר לְאָסָף שִׁיר׃ הוֹדִינוּ לְּךָ ׀ א 2
אֱלֹהִים הוֹדִינוּ וְקָרוֹב שְׁמֶךָ סִפְּרוּ נִפְלְאוֹתֶיךָ׃ כִּי אֶקַּח 3
מוֹעֵד אֲנִי מֵישָׁרִים אֶשְׁפֹּט׃ נְמֹגִים־אֶרֶץ וְכָל־יֹשְׁבֶיהָ 4
אָנֹכִי תִכַּנְתִּי עַמּוּדֶיהָ סֶּלָה׃ אָמַרְתִּי לַהוֹלְלִים אַל־תָּהֹלּוּ ה
וְלָרְשָׁעִים אַל־תָּרִימוּ קָרֶן׃ אַל־תָּרִימוּ לַמָּרוֹם קַרְנְכֶם 6
תְּדַבְּרוּ בְצַוָּאר עָתָק׃ כִּי לֹא מִמּוֹצָא וּמִמַּעֲרָב וְלֹא 7
מִמִּדְבַּר הָרִים׃ כִּי־אֱלֹהִים שֹׁפֵט זֶה יַשְׁפִּיל וְזֶה יָרִים׃ 8
כִּי כוֹס בְּיַד־יְהוָה וְיַיִן חָמַר ׀ מָלֵא מֶסֶךְ וַיַּגֵּר מִזֶּה אַךְ־ 9

בֶּעלֵיידִיגֶער הָאבֶּען גֶעשְׁרִיעֶן אִין מִיטֶען
פוּן דַיין פֶערְזַאמְלוּנְגְס אָרְט, זֵייא הָאבֶּען
זֵייעֶרֶע צֵייכֶען אַלְס צֵייכֶען גֶעמַאכְט׃ 5 עֶר
(דֶער פֵיינְד) אִיז בֶּעקַאנְט גֶעוָוארֶען, וֶוען
עֶר הָאט גֶעבְּרַאכְט פוּן אוֹיבֶּען דִיא הֶעק,
אַן דֶעם בּוֹים אִין דֶעם גֶעדִיכְטֶען וַואלְד׃
6 אוּנְד אַצוּנְד, אִיהְרֶע צוּשְׁנִיטְצוּנְגֶען צוּ־
זַאמֶען (הָאבֶּען זֵייא צוּהַאקְט) מִיט דֶער
הַאק אוּנְד הַאמֶער׃ 7 זֵייא הָאבֶּען דַיין
מִקְדָּשׁ מִיט פֵייעֶר אָנְגֶעצוּנְדֶען, בִּיז צוּ דֶער
עֶרְד הָאבֶּען זֵייא פֶערְאוּמְהֵיילִיגְט דִיא
וְואוֹינוּנְג פוּן דַיין נָאמֶען׃ 8 זֵייא הָאבֶּען
גֶעזָאגְט אִין זֵייעֶר הַארְץ מִיר וֶועלֶען זֵייא
אִים גַאנְצֶען צוּשְׁטֶערֶען, זֵייא הָאבֶּען פֶער־
בְּרֶענְט אַלֶע פֶערְזַאמְלוּנְגְס עֶרְטֶער פוּן גָאט
אִין דֶעם לַאנְד׃ 9 מִיר הָאבֶּען נִיט גֶעזֶעהֶען
אוּנְזֶערֶע צֵייכֶען, עֶס אִיז קֵיין נָבִיא נִיט
מֶעהְר דָא, אוּנְד עֶס אִיז אוֹיךְ נִיט דָא קֵיי־
נֶער בֵּייא אוּנְס וָואס וֵוייסְט בִּיז וִויא לַאנְג׃
10 בִּיז וִויא לַאנְג, אָ גָאט, וֶועט דֶער
בֶּעלֵיידִיגֶער לֶעסְטֶערְן? (בִּיז וִויא לַאנְג)
וֶועט דֶער פֵיינְד דַיין נָאמֶען פֶערְשֶׁעהְמֶען,
בִּיז עֶבִּיג? 11 וַוארוּם הָאסְט דוּא דֵיינֶע
הַאנְד צוּרִיקְגֶעקֶעהְרְט? צִיה אַרוֹיס דֵיינֶע
רֶעכְטֶע הַאנְד פוּן דַיין שׁוֹיס, אוּנְד מַאךְ אֵיין עֶנְד׃ 12 אָבֶּער גָאט אִיז מֵיין קֶענִיג פוּן
פָארְצֵייטֶען, עֶר וֶוערְקְט הִילְף אִין מִיטֶען פוּן דֶעם לַאנְד׃ 13 דוּא הָאסְט מִיט דֵיינֶע שְׁטַארְק־
הֵייט צוּבְּרֶעקֶעלְט דָאס יַם, דוּא הָאסְט צוּבְּרָאכֶען דִיא קֶעפּ פוּן דִיא וַואלְפִישׁ (תַּנִּינִים) אִין
דֶעם וַואסֶער׃ 14 דוּא הָאסְט צוּשְׁטוֹיסֶען דִיא קֶעפּ פוּן לִוְיָתָן, דוּא הָאסְט אִיהְם גֶעגֶעבֶּען פַאר
אַ שְׁפֵּייז צוּ אַ פָאלְק וָואס אִיז אִין דִיא וִויסְטֶענִיס׃ 15 דוּא הָאסְט צוּשְׁפָּאלְטֶען קְוַואלֶען
אוּנְד טֵייכֶען, אוּנְד שְׁטַארְקֶע שְׁטְרוֹימֶען הָאסְט דוּא אוֹיסְגֶעטְרוּקֶענְט׃ 16 צוּ דִיר גֶעהֶערְט
דֶער טָאג, אוּנְד צוּ דִיר גֶעהֶערְט אוֹיךְ דִיא נַאכְט, דוּא הָאסְט אָנְגֶעבְּרֵייט אַ לֵייכְטוּנְג אוּנְד
דִיא זוּן׃ 17 דוּא הָאסְט גֶעשְׁטֶעלְט אַלֶע גְרֶענְעצֶען פוּן דֶער עֶרְד, דֶעם זוּמֶער אוּנְד דֶעם
וִוינְטֶער הָאסְט דוּא בֶּעשַׁאפֶען׃ 18 גֶעדֶענְק דָאס דֶער פֵיינְד לֶעסְטֶערְט דֶעם הַאר, אוּנְד אַ
נַארִישׁ פָאלְק פֶערְשֶׁעהְמְט דַיין נָאמֶען׃ 19 דוּא זָאלְסְט דָאךְ נִיט גֶעבֶּען צוּ דִיא וִוילְדֶע (חַיּוֹת)
דָאס נֶפֶשׁ פוּן דֵיינֶע טוּרְטִיל־טוֹיבּ, דָאס לֶעבֶּען פוּן דֵיינֶע עֶלֶענְדֶע (אָרֶעמֶע) זָאלְסְט דוּא
עֶבִּיג נִיט פֶערְגֶעסֶען׃ 20 קוּק אוֹיף דֶעם בְּרִית! וָוארִין דִיא פִינְסְטֶערֶע עֶרְטֶער פוּן דֶער עֶרְד
זֶענֶען פוּל מִיט וְואוֹינוּנְגֶען פוּן רוֹיבֶּערֵייא׃ 21 לָאז דָאךְ נִיט דֶער נִידֶערְגֶעבּוֹיגֶענֶער פֶער־
שֶׁעהְמְט וֶוערֶען, דֶער אָרֶעמֶער אוּנְד דֶער בֶּעדַארְפְטִיגֶער וֶועלֶען דַיין נָאמֶען לוֹיבֶּען׃
22 שְׁטֶעה אוֹיף, אָ גָאט! קְרִיג דַיין קְרִיג, גֶעדֶענְק דֵיינֶע לֶעסְטֶערוּנְג פוּן דֶעם נַארִישֶׁען
דֶעם גַאנְצֶען טָאג׃ 23 דוּא זָאלְסְט נִיט פֶערְגֶעסֶען דָאס קוֹל פוּן דֵיינֶע פֵיינְד, דִיא
בְּרוּמוּנְג פוּן דִיא וָואס שְׁטֶעהֶען אוֹיף קֶעגֶען דִיר גֶעהְט שְׁטֶענְדִיג אוֹיף׃

תהלים עה

1 צוּ דֶעם זִינְגֶער, פֶערְדַארְבּ נִיט—אַל תַּשְׁחֵת—אַ גֶעזַאנְג פוּן אָסָף—אַ לִיד׃ 2 מִיר דַאנְ־
קֶען דִיר אָ גָאט, מִיר דַאנְקֶען, וָוארִין דַיין נָאמֶען אִיז נָאהֶענְט, מִיר דֶערְצֶעהְלֶען דֵיינֶע
וְואוּנְדֶער׃ 3 וֶוען אִיךְ וֶועל אַ בֶּעשְׁטִימְטֶע צֵייט נֶעמֶען, וֶועל אִיךְ רִיכְטֶען רֶעכְטפַארְטִיגְקֵייט׃
4 דִיא עֶרְד וֶועט צוּגֶעהְן מִיט אַלֶע אִיהְרֶע אֵיינְוְואוֹינֶער, (אָבֶּער) אִיךְ הָאבּ בֶּעפֶעסְטִיגְט
אִיהְרֶע זֵיילֶען, סֶלָה׃ 5 אִיךְ הָאבּ גֶעזָאגְט צוּ דִיא בֶּערִיהְמֶער, רִיהְמְט אֵייךְ נִיט, אוּנְד צוּ דִיא
רְשָׁעִים, אִיהְר זָאלְט נִיט דֶערְהֶעבֶּען דָאס הָארְן׃ 6 אִיהְר זָאלְט נִיט דֶערְהֶעבֶּען אֵייעֶר הָארְן
אַזוֹי הוֹיךְ, רֶעט נִיט מִיט אֵייעֶר הַאלְז פְרֶעכְהֵייט (עַזּוּתְקֵייט)׃ 7 וָוארִין דִיא (דֶערְהֶעבּוּנְג)
אִיז נִיט פוּן אוֹיפְגַאנְג (מִזְרָח) אוּנְד נִיט פוּן מַעֲרָב אוּנְד נִיט פוּן דֶער מִדְבָּר׃ 8 גָייעֶרְט גָאט
אִיז דֶער שׁוֹפֵט, דֶעם מַאכְט עֶר נִידְרִיג, אוּנְד יֶענֶעם מַאכְט עֶר הוֹיךְ׃ 9 וָוארִין אַ כּוֹס אִיז
אִין דִיא הַאנְד פוּן דֶעם הַאר, אוּנְד דֶער וֵויין אִיז רוֹיט (אָדֶער שׁוֹימְט), עֶר אִיז פוּל מִיט

ה תַּצִּיל מִמָּוֶת׃ צִדְקַת תָּמִים תְּיַשֵּׁר דַּרְכּוֹ וּבְרִשְׁעָתוֹ יִפֹּל
6 רָשָׁע׃ צִדְקַת יְשָׁרִים תַּצִּילֵם וּבְהַוַּת בֹּגְדִים יִלָּכֵדוּ׃
7 בְּמוֹת אָדָם רָשָׁע תֹּאבַד תִּקְוָה וְתוֹחֶלֶת אוֹנִים אָבָדָה׃
8 9 צַדִּיק מִצָּרָה נֶחֱלָץ וַיָּבֹא רָשָׁע תַּחְתָּיו׃ בְּפֶה חָנֵף יַשְׁחִת
י רֵעֵהוּ וּבְדַעַת צַדִּיקִים יֵחָלֵצוּ׃ בְּטוּב צַדִּיקִים תַּעֲלֹץ קִרְיָה
11 וּבַאֲבֹד רְשָׁעִים רִנָּה׃ בְּבִרְכַּת יְשָׁרִים תָּרוּם קָרֶת וּבְפִי
12 רְשָׁעִים תֵּהָרֵס׃ בָּז־לְרֵעֵהוּ חֲסַר־לֵב וְאִישׁ תְּבוּנוֹת
13 יַחֲרִישׁ׃ הוֹלֵךְ רָכִיל מְגַלֶּה־סּוֹד וְנֶאֱמַן־רוּחַ מְכַסֶּה דָבָר׃
14 טו בְּאֵין תַּחְבֻּלוֹת יִפָּל־עָם וּתְשׁוּעָה בְּרֹב יוֹעֵץ׃ רַע־יֵרוֹעַ
16 כִּי־עָרַב זָר וְשֹׂנֵא תֹקְעִים בּוֹטֵחַ׃ אֵשֶׁת־חֵן תִּתְמֹךְ כָּבוֹד
17 וְעָרִיצִים יִתְמְכוּ־עֹשֶׁר׃ גֹּמֵל נַפְשׁוֹ אִישׁ חָסֶד וְעֹכֵר שְׁאֵרוֹ
18 אַכְזָרִי׃ רָשָׁע עֹשֶׂה פְעֻלַּת־שָׁקֶר וְזֹרֵעַ צְדָקָה שֶׂכֶר אֱמֶת׃
19 כ כֵּן־צְדָקָה לְחַיִּים וּמְרַדֵּף רָעָה לְמוֹתוֹ׃ תּוֹעֲבַת יְהוָה
21 עִקְּשֵׁי־לֵב וּרְצוֹנוֹ תְּמִימֵי דָרֶךְ׃ יָד לְיָד לֹא־יִנָּקֶה רָּע
22 וְזֶרַע צַדִּיקִים נִמְלָט׃ נֶזֶם זָהָב בְּאַף חֲזִיר אִשָּׁה יָפָה
23 וְסָרַת טָעַם׃ תַּאֲוַת צַדִּיקִים אַךְ־טוֹב תִּקְוַת רְשָׁעִים
24 עֶבְרָה׃ יֵשׁ מְפַזֵּר וְנוֹסָף עוֹד וְחוֹשֵׂךְ מִיֹּשֶׁר אַךְ־לְמַחְסוֹר׃
כה 26 נֶפֶשׁ־בְּרָכָה תְדֻשָּׁן וּמַרְוֶה גַּם־הוּא יוֹרֶא׃ מֹנֵעַ בָּר יִקְּבֻהוּ
27 לְאוֹם וּבְרָכָה לְרֹאשׁ מַשְׁבִּיר׃ שֹׁחֵר טוֹב יְבַקֶּשׁ רָצוֹן
28 וְדֹרֵשׁ רָעָה תְבוֹאֶנּוּ׃ בּוֹטֵחַ בְּעָשְׁרוֹ הוּא יִפֹּל וְכֶעָלֶה
29 צַדִּיקִים יִפְרָחוּ׃ עוֹכֵר בֵּיתוֹ יִנְחַל־רוּחַ וְעֶבֶד אֱוִיל לַחֲכַם־
ל 31 לֵב׃ פְּרִי־צַדִּיק עֵץ חַיִּים וְלֹקֵחַ נְפָשׁוֹת חָכָם׃ הֵן צַדִּיק
בָּאָרֶץ יְשֻׁלָּם אַף כִּי־רָשָׁע וְחוֹטֵא׃

יב

יב

2 א אֹהֵב מוּסָר אֹהֵב דָּעַת וְשֹׂנֵא תוֹכַחַת בָּעַר׃ טוֹב יָפִיק
3 רָצוֹן מֵיְהוָה וְאִישׁ מְזִמּוֹת יַרְשִׁיעַ׃ לֹא־יִכּוֹן אָדָם בְּרֶשַׁע
4 וְשֹׁרֶשׁ צַדִּיקִים בַּל־יִמּוֹט׃ אֵשֶׁת־חַיִל עֲטֶרֶת בַּעְלָהּ וּכְרָקָב

רעכטפארטיג זיין וועג, אָבער דער רָשָׁע פאלט אין זיין רִשְׁעוֹת׃ 6 דיא גערעכטיג־קייט פון דיא אויפריכטיגע טהוט זייא מַצִיל זיין, אָבער דיא פאלשע ווערען בע־צוואונגען אין זייער אייגען אומרעכט׃ 7 ווען דער רָשָׁע שטארבט אזוי ווערט זיינע האפנונג פערלוירען, אונד דיא האפ־נונג פון זיינע קינדער ווערט אויך פער־לוירען׃ 8 דער צַדִּיק ווערט בעפרייט פון זיינע צָרָה, אונד דער רָשָׁע קומט אין זיינער שטעל׃ 9 דער חָנֵף פערדארבט זיין חַבֵר דורך זיין מויל, אָבער דיא צַדִיקִים ווערען ניצול דורך זייערע וויסענ־שאפט׃ 10 ווען עס געהט גוט צו דיא צַדִיקִים טהוט זיך דיא שטאט פרייען, אָבער ווען דיא רְשָׁעִים ווערען פערלוירען אזוי זינגט מען׃ 11 דורך דיא בְּרָכָה פון דיא אויפריכטיגע ווערט דיא שטאט דערהויבען, אָבער דורך דעם מויל פון דיא רְשָׁעִים ווערט זיא אָפּגעבראכען׃ 12 דער וואס איז זיין חַבֵר מְבַזֶה האט קיין פערשטאנד, אָבער א פערשטענ־דיגער מאן שווייגט שטיל׃ 13 דער וואס געהט ארום אונד זאגט רְכִילוּת דער ענט־פלעקט דעם סוֹד, אָבער דער וואס האט א געטריא געמיט דעקט צו דיא זאך׃ 14 אַוואו עס איז קיינע עֵצָה פערהאנדען דא פאלט דאס פאלק, אָבער אין פיל עֵצוֹת איז זיכערהייט׃ 15 עס וועט דעם זעהר שלעכט זיין וואס איז עָרֵב פאר א פרעמדען, אָבער דער וואס האט פיינד צו געבען תְּקִיעַת כַּף איז זיכער׃ 16 א ווייב וואס האט חֵן לעהנט אונטער כָּבוֹד, אונד דיא שטארקע מענשען אונטערהאלטען רייכטום׃ 17 א בארמהערציגער מענש טהוט זיך אַליין גוט, אָבער דער אומבארעמהערציגער מענש בערויבט זיך אַליין׃ 18 דער רָשָׁע ווערקט פאלשהייט, אָבער דער וואס זייעט גערעכטיגקייט, וועט האבען איין אֱמֶת׳ן שְׂכַר׃ 19 אזוי וויא גערעכטיגקייט איז צום לעבען, אזוי איז דאס שלעכטע וואס איינער יאגט נאך צו זיין טויט׃ 20 דיא וואס האבען פערקרימטע הערצער זענען איינע אומווערדיגקייט צו דעם האר, אָבער דיא וואס זענען אויפריכטיג אין דעם וועג זייא וועלען זיין וואוילגעפאלען׃ 21 חָאטשע דיא שלעכטע געבען זיך דיא האנד אזוי וועלען זייא דאך ניט אומשולדיג זיין, אָבער דיא קינדער פון דיא צַדִיקִים וועלען אנטרי־נען׃ 22 אזוי וויא א גאלדענער נאזרינג איז אין דיא נאז פון א חֲזִיר, אזוי איז א שעהנע פרויא מיט אָפּגעקעהרטע געדאנקען׃ 23 דיא גלוסטיגקייט פון דיא צַדִיקִים איז נור גוטעס, אָבער דיא האפנונג פון דיא רְשָׁעִים איז צארן׃ 24 עס איז פערהאנדען דער וואס פער־שפרייט, אונד עס ווערט דאך נאך פערמעהרט, אָבער דער וואס האלט צוריק מעהר וואס איז רעכטפארטיג, דאס פיהרט נור צו אָרעמקייט׃ 25 דאס נֶפֶש וואס איז געבענשט וועט פעט ווערען, אונד דער וואס זעטיגט אן אנדערע דער ווערט אַליין אויך זאט׃ 26 דער וואס האלט צוריק קארן דעם טהוט דאס פאלק שעלטען, אָבער א בְּרָכָה קומט אויף דעם קאפ פון דעם וואס פערקויפט עס׃ 27 דער וואס פארשט אויס דאס גוטע דער בעגעהרט וואוילגעפאלען, אָבער דער וואס פארשט שלעכטעס דאס וועט אויך צו איהם קומען׃ 28 דער וואס פערטרויעט אויף זיין רייכטום דער וועט פאלען, אָבער דיא צַדִיקִים וועלען בליהען אזוי וויא א בלאט (פון א בוים)׃ 29 דער וואס בעטריבט זיין הויז וועט יַרְשְׁנ׳ן דעם ווינד, אונד דער נאר וועט זיין א קנעכט צו דעם קלוגהערציגען׃ 30 דיא פרוכט פון דעם צַדִיק איז א בוים פון לעבען, אונד דער וואס געווינט נְפָשׁוֹת איז א חָכָם׃ 31 זעה, דעם צַדִיק ווערט שוין בעצאלט אויף דער ערד, מִכָּל שֶׁכֵּן דעם רָשָׁע אונד דעם זינדער׃

קאפיטעל יב

1 דער וואס ליבט מוּסָר דער ליבט וויסענשאפט, אָבער דער וואס האט פיינד שטראף איז א נאר׃ 2 דער גוטער (מענש) האט וואוילגעפאלען פון דעם האר, אָבער דער מענש וואס טראכט שלעכטעס ווערט פערשולדיגט׃ 3 א מענש קען ניט פעסט בעשטעהן דורך רִשְׁעוֹת, אָבער

דער

בְּעַצְמוֹתָיו מְבִישָׁה׃ מַחְשְׁבוֹת צַדִּיקִים מִשְׁפָּט תַּחְבֻּלוֹת ה
רְשָׁעִים מִרְמָה׃ דִּבְרֵי רְשָׁעִים אֱרָב־דָּם וּפִי יְשָׁרִים 6
יַצִּילֵם׃ הָפוֹךְ רְשָׁעִים וְאֵינָם וּבֵית צַדִּיקִים יַעֲמֹד׃ לְפִי 7 8
שִׂכְלוֹ יְהֻלַּל־אִישׁ וְנַעֲוֵה־לֵב יִהְיֶה לָבוּז׃ טוֹב נִקְלֶה 9
וְעֶבֶד לוֹ מִמִּתְכַּבֵּד וַחֲסַר־לָחֶם׃ יוֹדֵעַ צַדִּיק נֶפֶשׁ בְּהֶמְתּוֹ י
וְרַחֲמֵי רְשָׁעִים אַכְזָרִי׃ עֹבֵד אַדְמָתוֹ יִשְׂבַּע־לָחֶם וּמְרַדֵּף 11
רֵיקִים חֲסַר־לֵב׃ חָמַד רָשָׁע מְצוֹד רָעִים וְשֹׁרֶשׁ צַדִּיקִים 12
יִתֵּן׃ בְּפֶשַׁע שְׂפָתַיִם מוֹקֵשׁ רָע וַיֵּצֵא מִצָּרָה צַדִּיק׃ מִפְּרִי 13 14
פִי־אִישׁ יִשְׂבַּע־טוֹב וּגְמוּל יְדֵי־אָדָם יָשׁוּב לוֹ׃ דֶּרֶךְ אֱוִיל טו
יָשָׁר בְּעֵינָיו וְשֹׁמֵעַ לְעֵצָה חָכָם׃ אֱוִיל בַּיּוֹם יִוָּדַע כַּעְסוֹ 16
וְכֹסֶה קָלוֹן עָרוּם׃ יָפִיחַ אֱמוּנָה יַגִּיד צֶדֶק וְעֵד שְׁקָרִים 17
מִרְמָה׃ יֵשׁ בּוֹטֶה כְּמַדְקְרוֹת חָרֶב וּלְשׁוֹן חֲכָמִים מַרְפֵּא׃ 18
שְׂפַת־אֱמֶת תִּכּוֹן לָעַד וְעַד־אַרְגִּיעָה לְשׁוֹן שָׁקֶר׃ מִרְמָה 19 כ
בְּלֶב־חֹרְשֵׁי־רָע וּלְיֹעֲצֵי שָׁלוֹם שִׂמְחָה׃ לֹא־יְאֻנֶּה לַצַּדִּיק 21
כָּל־אָוֶן וּרְשָׁעִים מָלְאוּ רָע׃ תּוֹעֲבַת יְהוָה שִׂפְתֵי־שָׁקֶר 22
וְעֹשֵׂי אֱמוּנָה רְצוֹנוֹ׃ אָדָם עָרוּם כֹּסֶה דָּעַת וְלֵב כְּסִילִים 23
יִקְרָא אִוֶּלֶת׃ יַד־חָרוּצִים תִּמְשׁוֹל וּרְמִיָּה תִּהְיֶה לָמַס׃ 24
דְּאָגָה בְלֶב־אִישׁ יַשְׁחֶנָּה וְדָבָר טוֹב יְשַׂמְּחֶנָּה׃ יָתֵר כה 26
מֵרֵעֵהוּ צַדִּיק וְדֶרֶךְ רְשָׁעִים תַּתְעֵם׃ לֹא־יַחֲרֹךְ רְמִיָּה 27
צֵידוֹ וְהוֹן־אָדָם יָקָר חָרוּץ׃ בְּאֹרַח־צְדָקָה חַיִּים וְדֶרֶךְ 28
נְתִיבָה אַל־מָוֶת׃

יג

בֵּן חָכָם מוּסַר אָב וְלֵץ לֹא־שָׁמַע גְּעָרָה׃ מִפְּרִי פִי־אִישׁ א 2
יֹאכַל טוֹב וְנֶפֶשׁ בֹּגְדִים חָמָס׃ נֹצֵר פִּיו שֹׁמֵר נַפְשׁוֹ 3
פֹּשֵׂק שְׂפָתָיו מְחִתָּה־לוֹ׃ מִתְאַוָּה וָאַיִן נַפְשׁוֹ עָצֵל וְנֶפֶשׁ 4
חָרֻצִים תְּדֻשָּׁן׃ דְּבַר־שֶׁקֶר יִשְׂנָא צַדִּיק וְרָשָׁע יַבְאִישׁ ה
וְיַחְפִּיר׃ צְדָקָה תִּצֹּר תָּם־דָּרֶךְ וְרִשְׁעָה תְּסַלֵּף חַטָּאת׃ 6

דֶער שָׁרֶשׁ פוּן דִיא צַדִיקִים זָאל נִיט אוֹיסְגֶע־
גְלִיטְשְׁט וֶוערֶען: 4 אַ פְרוּמֶע פְרוֹיא אִיז אַ
קְרוֹין צוּ אִיהְר מַאן, אָבֶּער דִיא וָואס אִיז
אוֹיסְפֶערְשֶׁעמְט אִיז וִויא אַ פֶערְפוֹילוּנְג
צוּ זֵיינֶע בֵּיינֶער: 5 דִיא גֶעדַאנְקֶען פוּן דִיא
צַדִיקִים זֶענֶען רֶעכְט, אָבֶּער דָאס טְרַאכְ־
טֶען פוּן דִיא רְשָׁעִים אִיז פַאלְשׁ: 6 דִיא
וֶוערְטֶער פוּן דִיא רְשָׁעִים זֶענֶען צוּ לוֹיעֶרְן
אוֹיף בְּלוּט, אָבֶּער דָאס מוֹיל פוּן דִיא אוֹיפְ־
רִכְטִיגֶע טְהוּט זֵייא מַצִיל זֵיין: 7 דִיא
רְשָׁעִים וֶועלֶען וֶוערֶען אוּמְגֶעקֶעהְרְט, אוּנְד
זֵייא זֶענֶען נִיט מֶעהְר דָא; אָבֶּער דָאס הוֹיז
פוּן דִיא צַדִיקִים וֶועט בֶּעשְׁטֶעהְן: 8 אַ מַאן
וֶוערְט גֶעלוֹיבְּט נָאךְ זֵיין שֵׂכֶל נָאךְ, אָבֶּער
דֶער וָואס הָאט אַ פֶערְוָואגֶעלְט הַארְץ וֶועט
זֵיין צוּ שַׁאנְד: 9 עֶס אִיז בֶּעסֶער פֶערַאכְ־
טֶעט צוּ זֵיין אוּנְד אַ קְנֶעכְט צוּ הָאבֶּען, אַיי־
דֶער זִיךְ אַלֵיין בְּכָבוֹד צוּ הַאלְטֶען אוּנְד עֶס
פֶעהְלְט אִיהְם בְּרוֹיט: 10 דֶער צַדִיק וֵוייס
וָואס זֵיינֶע בְּהֵמָה בְּרוֹיכְט, אָבֶּער דָאס
רַחֲמָנוּת פוּן דִיא רְשָׁעִים אִיז נִיט קֵיינֶע
בַּארְמְהֶערְצִיגְקֵייט: 11 דֶער וָואס בֶּעאַרְ־
בֶּעט זֵיין פֶעלְד וֶועט מִיט בְּרוֹיט גֶעזֶעטִיגְט
וֶוערֶען, אָבֶּער דֶער וָואס יָאגְט נָאךְ לֶעדִיגְ־
קֵייט הָאט קֵיין פֶערְשְׁטַאנְד: 12 דֶעם רָשָׁע גְלוּסְט דָאס נֶעץ פוּן שְׁלֶעכְטֶע מֶענְשֶׁען, אָבֶּער
דִיא וָוארְצֶעל פוּן דִיא צַדִיקִים גֶעבֶּען (גוּטֶע פֵּירוֹת): 13 דוּרְךְ דִיא זִינְד מִיט דִיא לִיפֶּען וֶוערְט
דֶער שְׁלֶעכְטֶער מֶענְשׁ גֶעשְׁטְרוֹיכֶעלְט, אָבֶּער דֶער צַדִיק וֶועט אַרוֹיסְקוּמֶען פוּן דֶער צָרָה:
14 פוּן דִיא פֵּירוֹת פוּן דֶעם מֶענְשֶׁען׳ס מוֹיל זֶעטִיגְט עֶר זִיךְ אָן מִיט גוּטֶעס, אוּנְד דִיא בֶּעצָאלוּנְג
פוּן דֶעם מֶענְשֶׁען׳ס הֶענְד וֶוערְט אִיהְם צוּרִיקְגֶעגֶעבֶּען: 15 דֶער וֶועג פוּן אַ נַאר אִיז רֶעכְט אִין
זֵיינֶע אֵייגֶענֶע אוֹיגֶען, אָבֶּער דֶער וָואס הֶערְט צוּ אֵיין עֵצָה אִיז אַ חָכָם: 16 דֶער נַאר וֶוערְט
בֶּעקַאנְט אִין דֶעם טָאג פוּן זֵיין צָארְן, אָבֶּער אַ קְלוּגֶער מֶענְשׁ דֶעקְט צוּ דִיא שַׁאנְד: 17 דֶער
וָואס רֶעט אֱמֶת וֵוייזְט אָן גֶערֶעכְטִיגְקֵייט, אָבֶּער דֶער וָואס רֶעט לִיגֶען אִיז אַ פַאלְשֶׁער עֵדוּת:
18 עֶס אִיז פַארְהַאנְדֶען אֵיינֶער וָואס רֶעט אוֹיס רֵייד אַזוֹי וִויא אַ שְׁטָאךְ פוּן אַ שְׁוֶוערְד, אָבֶּער
דִיא צוּנְג פוּן דִיא חֲכָמִים אִיז אַ הֵיילוּנְג: 19 דִיא אֱמֶת׳ע לִיפֶּען וֶועלֶען בֶּעשְׁטֶעהְן אוֹיף עֶבִּיג,
אָבֶּער אַ פַאלְשֶׁע צוּנְג אִיז נָאר פַאר אֵיין אוֹיגֶענְבְּלִיק: 20 בֶּעטְרִיגֶערֵייא אִיז אִין דֶעם הַארְץ
פוּן דִיא וָואס טְרַאכְטֶען שְׁלֶעכְטֶעס, אָבֶּער דִיא וָואס רָאטֶען שָׁלוֹם הָאבֶּען אַ שִׂמְחָה: 21 צוּ
דֶעם צַדִיק וֶועט קֵיין שׁוּם אוּמְרֶעכְט אָנְטְרֶעפֶען, אָבֶּער דִיא רְשָׁעִים זֶענֶען פוּל מִיט שְׁלֶעכְטֶעס:
22 פַאלְשֶׁע לִיפֶּען זֶענֶען אֵיינֶע אוּמְוִוירְדִיגְקֵייט צוּ דֶעם הַאר, אָבֶּער דִיא וָואס טְהוּן טְרֵייהֵייט
הָאבֶּען זֵיין וְואוֹילְגֶעפַאלֶען: 23 אַ קְלוּגֶער מֶענְשׁ דֶעקְט צוּ וִויסֶענְשַׁאפְט, אָבֶּער דָאס הַארְץ
פוּן דִיא נַארִישֶׁע רוּפְט אוֹיס נַארִישְׁקֵייט: 24 דִיא הַאנְד פוּן דִיא פְלֵייסִיגֶע וֶועט גֶעוֶועלְטִיגֶען,
אָבֶּער דִיא פַאלְשֶׁע וֶועלֶען זֵיין צוּ צִינְזֶען: 25 זָארְג אִין דֶעם הַארְץ פוּן אַ מֶענְשׁ בֶּעגְט אִיהְם
אַנִידֶער, אָבֶּער אַ גוּט וָוארְט מַאכְט אִיהְם פְרֶעהְלִיךְ: 26 דֶער צַדִיק אִיז מֶעהְר פְלֵייסִיג וִויא
זֵיין חָבֵר, אָבֶּער דֶער וֶועג פוּן דִיא רְשָׁעִים פֶערְפִיהְרְט זֵייא: 27 דֶער פוֹילֶער טְהוּט נִיט בְּרָא־
טֶען דָאס וָואס עֶר הָאט גֶעחַאפְּט, אָבֶּער דָאס פֶערְמֶעגֶען פוּן אַ פְלֵייסִיגֶען מֶענְשׁ אִיז טֵייעֶר:
28 אוֹיף דֶעם וֶועג פוּן גֶערֶעכְטִיגְקֵייט אִיז לֶעבֶּען, אוּנְד אִין דֶעם שְׁטֶעג דֶערְפוּן אִיז קֵיין טוֹיט:

## קאפיטעל יג

1 אַ קְלוּגֶער זוּהְן נֶעמְט אָן דֶעם פָאטֶער׳ס מוּסָר, אָבֶּער אַ שְׁפֶּעטֶער הֶערְט נִיט צוּ דָאס גֶעשְׁרֵייא:
2 אַ מֶענְשׁ עֶסְט גוּטֶעס פוּן דִיא פֵּירוֹת פוּן זֵיין מוֹיל, אָבֶּער דָאס נֶפֶשׁ פוּן דִיא פַאלְשֶׁע עֶסֶען
פוּן רוֹיבֶּערֵייא: 3 דֶער וָואס הִיט זֵיין מוֹיל הִיט זֵיין לֶעבֶּען, אָבֶּער דֶער וָואס עֶפֶענְט בְּרֵייט
זֵיינֶע לִיפֶּען וֶועט הָאבֶּען אַ בְּרֶעכֶענִיס: 4 דָאס נֶפֶשׁ פוּן דֶעם פוֹילֶען גְלוּסְט אָבֶּער עֶר הָאט
נִיט, אָבֶּער דָאס נֶפֶשׁ פוּן דִיא פְלֵייסִיגֶע וֶועט פֶעט גֶעמַאכְט וֶוערֶען: 5 דֶער צַדִיק הָאט
פֵיינְד פַאלְשֶׁע וֶוערְטֶער, אָבֶּער דֶער רָשָׁע מַאכְט זִיךְ שְׁטִינְקֶען אוּנְד וֶוערְט פֶערְשֶׁעמְט:
6 גֶערֶעכְטִיגְקֵייט הִיט דֶעם אוֹיפְרִיכְטִיגֶען אִין דֶעם וֶועג, אָבֶּער רִשְׁעוֹת פֶערְדְרֶעהְט דֶעם

וועג

7 8 יֵשׁ מִתְעַשֵּׁר וְאֵין כֹּל מִתְרוֹשֵׁשׁ וְהוֹן רָב׃ כֹּפֶר נֶפֶשׁ־אִישׁ
9 עָשְׁרוֹ וְרָשׁ לֹא־שָׁמַע גְּעָרָה׃ אוֹר־צַדִּיקִים יִשְׂמָח וְנֵר
י רְשָׁעִים יִדְעָךְ׃ רַק־בְּזָדוֹן יִתֵּן מַצָּה וְאֶת־נוֹעָצִים חָכְמָה׃
11 12 הוֹן מֵהֶבֶל יִמְעָט וְקֹבֵץ עַל־יָד יַרְבֶּה׃ תּוֹחֶלֶת מְמֻשָּׁכָה
13 מַחֲלָה־לֵב וְעֵץ חַיִּים תַּאֲוָה בָאָה׃ בָּז לְדָבָר יֵחָבֶל לוֹ
14 וִירֵא מִצְוָה הוּא יְשֻׁלָּם׃ תּוֹרַת חָכָם מְקוֹר חַיִּים לָסוּר
טו מִמֹּקְשֵׁי מָוֶת׃ שֵׂכֶל־טוֹב יִתֶּן־חֵן וְדֶרֶךְ בֹּגְדִים אֵיתָן׃
16 17 כָּל־עָרוּם יַעֲשֶׂה בְדָעַת וּכְסִיל יִפְרֹשׂ אִוֶּלֶת׃ מַלְאָךְ רָשָׁע
18 יִפֹּל בְּרָע וְצִיר אֱמוּנִים מַרְפֵּא׃ רֵישׁ וְקָלוֹן פּוֹרֵעַ מוּסָר
19 וְשׁוֹמֵר תּוֹכַחַת יְכֻבָּד׃ תַּאֲוָה נִהְיָה תֶּעֱרַב לְנָפֶשׁ וְתוֹעֲבַת
כ כְּסִילִים סוּר מֵרָע׃ הֹלֵךְ אֶת־חֲכָמִים וֶחְכָּם וְרֹעֶה כְסִילִים
21 יֵרוֹעַ׃ חַטָּאִים תְּרַדֵּף רָעָה וְאֶת־צַדִּיקִים יְשַׁלֶּם־טוֹב׃
22 23 טוֹב יַנְחִיל בְּנֵי־בָנִים וְצָפוּן לַצַּדִּיק חֵיל חוֹטֵא׃ רָב־אֹכֶל
24 נִיר רָאשִׁים וְיֵשׁ נִסְפֶּה בְּלֹא מִשְׁפָּט׃ חוֹשֵׂךְ שִׁבְטוֹ שׂוֹנֵא
כה בְנוֹ וְאֹהֲבוֹ שִׁחֲרוֹ מוּסָר׃ צַדִּיק אֹכֵל לְשֹׂבַע נַפְשׁוֹ וּבֶטֶן
רְשָׁעִים תֶּחְסָר׃

יד יד

2 א חַכְמוֹת נָשִׁים בָּנְתָה בֵיתָהּ וְאִוֶּלֶת בְּיָדֶיהָ תֶהֶרְסֶנּוּ׃ הוֹלֵךְ
3 בְּיָשְׁרוֹ יְרֵא יְהוָה וּנְלוֹז דְּרָכָיו בּוֹזֵהוּ׃ בְּפִי־אֱוִיל חֹטֶר
4 גַּאֲוָה וְשִׂפְתֵי חֲכָמִים תִּשְׁמוּרֵם׃ בְּאֵין אֲלָפִים אֵבוּס בָּר
ה וְרָב־תְּבוּאוֹת בְּכֹחַ שׁוֹר׃ עֵד אֱמוּנִים לֹא יְכַזֵּב וְיָפִיחַ
6 כְּזָבִים עֵד שָׁקֶר׃ בִּקֶּשׁ־לֵץ חָכְמָה וָאָיִן וְדַעַת לְנָבוֹן נָקָל׃
7 8 לֵךְ מִנֶּגֶד לְאִישׁ כְּסִיל וּבַל־יָדַעְתָּ שִׂפְתֵי־דָעַת׃ חָכְמַת
9 עָרוּם הָבִין דַּרְכּוֹ וְאִוֶּלֶת כְּסִילִים מִרְמָה׃ אֱוִלִים יָלִיץ
י אָשָׁם וּבֵין יְשָׁרִים רָצוֹן׃ לֵב יוֹדֵעַ מָרַּת נַפְשׁוֹ וּבְשִׂמְחָתוֹ
11 לֹא־יִתְעָרַב זָר׃ בֵּית רְשָׁעִים יִשָּׁמֵד וְאֹהֶל יְשָׁרִים יַפְרִיחַ׃
12 13 יֵשׁ דֶּרֶךְ יָשָׁר לִפְנֵי־אִישׁ וְאַחֲרִיתָהּ דַּרְכֵי־מָוֶת׃ גַּם־

וועג צו זינד: 7 עס איז פֿערהאַנדען דער וואָס גיט זיך אויס פֿאַר רייך, אונד ער האָט גאָרניט, אונד עס איז פֿערהאַנדען דער וואָס גיט זיך אויס פֿאַר אָרעם אונד האָט אַ גרויס פֿערמעגען: 8 דיא אויסלעזונג פֿון אַ מענשענ'ס נפֿש איז זיין רייכטום, אָבער דער אָרעמער הערט ניט אויף דעם אָנשרייען: 9 דאָס ליכט פֿון דיא צדיקים דערפֿרייעט, אָבער דיא לאָמפּ פֿון דיא רשָׁעים וועט אויסגעלאָשען ווערען: 10 נאָר דורך שטאָלצהייט ווערט קריג געמאַכט, אָבער דיא וואָס לאָזען זיך ראָטען האָבען חכמה: 11 רייכטום וואָס ווערט אָנגעשאַפֿט דורך הבל ווערט געמינערט, אָבער דער וואָס זאַמעלט עס אָן דורך אַרבייט ווערט פֿערמעהרט: 12 אַ האָפֿנונג וואָס קומט ניט אָן מאַכט דאָס האַרץ קראַנק, אָבער ווען זיין בעגעהרען קומט אָן, דאָס איז וויא אַ בוים פֿון לעבען: 13 דער וואָס פֿעראַכטעט דאָס וואָרט וועט פֿערטיליגט ווערען, אָבער דער וואָס פֿאָרכט דיא מצוה דעם וועט גוט בעצאָלט ווערען: 14 דיא תּוֹרָה פֿון דעם חכם איז אַ קוואַל פֿון לעבען, אָפּצוקעהרען דערפֿון איז דיא שטרויכלונג פֿון טויט: 15 אַ גוטער שׂכל גיט חן, אָבער דער וועג פֿון דיא פֿאַלשע איז שטאַרק (בייז): 16 איטליכער קלוגער מענש טהוט אַלעס מיט וויסענשאַפֿט, אָבער דער נאַר פֿערשפּרייט נאַרישקייטען: 17 אַ שליח וואָס איז אַ רשע פֿאַלט אין דעם שלעכטען, אָבער אַ געטרייער שליח איז אַ היילונג: 18 אָרעמקייט אונד שאַנד קומט אויף דעם וואָס פֿערשטערט מוסר, אָבער דער וואָס היט דיא שטראָף וועט געעהרט ווערען: 19 ווען דאָס וואָס אַ מענש גלוסט קומט אָן דאָס איז זיס צו דעם נפֿש, אָבער צו דיא נאַרונים איז עס איינע אומווערדיגקייט אָפּצוקעהרען פֿון דעם שלעכטען: 20 דער וואָס געהט מיט קלוגע ווערט קלוג, אָבער אַ חבר פֿון נאַרונים וועט עס שלעכט זיין: 21 זינדיגע מענשען יאָגט נאָך שלעכטעס, אָבער דיא צדיקים וועט גוטעס בעצאָלט ווערען: 22 דער גוטער מענש מאַכט זיינע קינדער'ס קינדער יַרשנ'ן, אָבער דאָס פֿערמעגען פֿון דעם זינדער איז בעהאַלטען פֿאַר דעם צדיק: 23 פֿיל עסענוואַרג איז אין דעם אַקערפֿעלד פֿון דיא אָרעמע, אָבער פֿילעס ווערט פֿערטיליגט אָהן משפּט: 24 דער וואָס פֿערמיידעט דיא רוט האָט פֿיינד זיין זוהן, אָבער דער וואָס ליבט איהם שטראָפֿט איהם (עפּטער) אין דער פֿריה: 25 דער צדיק עסט כּדי זיך צו זעטיגען, אָבער דעם בויך פֿון דיא רשעים וועט עס פֿעהלען:

## קאַפּיטעל יד

1 איטליכע קלוגע פֿרויא בויעט אויף איהר הויז, אָבער דיא נאַרישע צובּרעכט עס מיט איהרע הענד: 2 דער וואָס געהט אין אויפֿריכטיגקייט פֿאָרכט גאָט, אָבער דער וואָס איז פֿערקרימט אין זיינע וועגען דער איז איהם מבוזה: 3 אין דעם מויל פֿון אַ נאַר איז אַ רוט פֿון גאוה, אָבער דיא ליפּען פֿון דיא חכמים היטען זייא: 4 אַוואו עס זענען קיינע אָקסען דאָ איז דיא קאָריטע ריין, אָבער פֿיל תּבוּאוֹת קומט דורך דעם כּח פֿון דעם אָקס: 5 אַ געטרייער עדות זאָגט קיינע ליגען, אָבער אַ פֿאַלשער עדות זאָגט ליגען: 6 אַ שפּעטער זוכט חכמה אונד ער געפֿינט זיא ניט, אָבער וויסענשאַפֿט איז צו דעם פֿערשטענדיגען לייכט: 7 געה אַוועק פֿון אַ נאַרישען מענש, ווען דו דערקענסט ניט אין זיינע ליפּען דיא וויסענשאַפֿט: 8 דיא קלוגהייט פֿון דעם חכם איז צו פֿערשטעהן זיין וועג, אָבער דיא נאַרישקייט פֿון דעם נאַר איז פֿאַלשקייט: 9 דיא נאַרונים מאַכען אַ געשפּעט פֿון דער זינד, אָבער צווישען דיא רעכטפֿאַרטיגע איז וואוילגעפֿאַלען: 10 דאָס האַרץ ווייס זיינע איינענע ביטערקייט, אָבער אין זיינע שׂמחה וועט זיך קיינער ניט מישען: 11 דאָס הויז פֿון דיא רשעים ווערט פֿערטיליגט, אָבער דאָס געצעלט פֿון דיא רעכטפֿאַרטיגע וועט בליהען: 12 עס איז פֿערהאַנדען אַ וועג וואָס שיינט צו זיין רעכטפֿאַרטיג פֿאַר אַ מענש, אָבער זיין ענד איז דער טויט: 13 אַפּילו

בִּשְׂחֹק יִכְאַב־לֵב וְאַחֲרִיתָהּ שִׂמְחָה תוּגָה׃ מִדְּרָכָיו 14
יִשְׂבַּע סוּג לֵב וּמֵעָלָיו אִישׁ טוֹב׃ פֶּתִי יַאֲמִין לְכָל־דָּבָר טו
וְעָרוּם יָבִין לַאֲשֻׁרוֹ׃ חָכָם יָרֵא וְסָר מֵרָע וּכְסִיל מִתְעַבֵּר 16
וּבוֹטֵחַ׃ קְצַר־אַפַּיִם יַעֲשֶׂה אִוֶּלֶת וְאִישׁ מְזִמּוֹת יִשָּׂנֵא׃ 17
נָחֲלוּ פְתָאיִם אִוֶּלֶת וַעֲרוּמִים יַכְתִּרוּ דָעַת׃ שַׁחוּ רָעִים 18 19
לִפְנֵי טוֹבִים וּרְשָׁעִים עַל־שַׁעֲרֵי צַדִּיק׃ גַּם־לְרֵעֵהוּ יִשָּׂנֵא כ
רָשׁ וְאֹהֲבֵי עָשִׁיר רַבִּים׃ בָּז־לְרֵעֵהוּ חוֹטֵא וּמְחוֹנֵן עֲנָיִים 21
אַשְׁרָיו׃ הֲלוֹא יִתְעוּ חֹרְשֵׁי רָע וְחֶסֶד וֶאֱמֶת חֹרְשֵׁי טוֹב׃ 22
בְּכָל־עֶצֶב יִהְיֶה מוֹתָר וּדְבַר שְׂפָתַיִם אַךְ לְמַחְסוֹר׃ 23
עֲטֶרֶת חֲכָמִים עָשְׁרָם אִוֶּלֶת כְּסִילִים אִוֶּלֶת׃ מַצִּיל נְפָשׁוֹת 24 כה
עֵד אֱמֶת וְיָפִחַ כְּזָבִים מִרְמָה׃ בְּיִרְאַת יְהוָה מִבְטַח־עֹז 26
וּלְבָנָיו יִהְיֶה מַחְסֶה׃ יִרְאַת יְהוָה מְקוֹר חַיִּים לָסוּר 27
מִמֹּקְשֵׁי מָוֶת׃ בְּרָב־עָם הַדְרַת־מֶלֶךְ וּבְאֶפֶס לְאֹם 28
מְחִתַּת רָזוֹן׃ אֶרֶךְ אַפַּיִם רַב־תְּבוּנָה וּקְצַר־רוּחַ מֵרִים 29
אִוֶּלֶת׃ חַיֵּי בְשָׂרִים לֵב מַרְפֵּא וּרְקַב עֲצָמוֹת קִנְאָה׃ ל
עֹשֵׁק דָּל חֵרֵף עֹשֵׂהוּ וּמְכַבְּדוֹ חֹנֵן אֶבְיוֹן׃ בְּרָעָתוֹ יִדָּחֶה 31 32
רָשָׁע וְחֹסֶה בְמוֹתוֹ צַדִּיק׃ בְּלֵב נָבוֹן תָּנוּחַ חָכְמָה וּבְקֶרֶב 33
כְּסִילִים תִּוָּדֵעַ׃ צְדָקָה תְרוֹמֵם גּוֹי וְחֶסֶד לְאֻמִּים חַטָּאת׃ 34
רְצוֹן־מֶלֶךְ לְעֶבֶד מַשְׂכִּיל וְעֶבְרָתוֹ תִּהְיֶה מֵבִישׁ׃ לה

טו

טו

מַעֲנֶה־רַּךְ יָשִׁיב חֵמָה וּדְבַר־עֶצֶב יַעֲלֶה־אָף׃ לְשׁוֹן א 2
חֲכָמִים תֵּיטִיב דָּעַת וּפִי כְסִילִים יַבִּיעַ אִוֶּלֶת׃ בְּכָל־מָקוֹם 3
עֵינֵי יְהוָה צֹפוֹת רָעִים וְטוֹבִים׃ מַרְפֵּא לָשׁוֹן עֵץ חַיִּים 4
וְסֶלֶף בָּהּ שֶׁבֶר בְּרוּחַ׃ אֱוִיל יִנְאַץ מוּסַר אָבִיו וְשֹׁמֵר ה
תּוֹכַחַת יַעְרִם׃ בֵּית צַדִּיק חֹסֶן רָב וּבִתְבוּאַת רָשָׁע 6
נֶעְכָּרֶת׃ שִׂפְתֵי חֲכָמִים יְזָרוּ דָעַת וְלֵב כְּסִילִים לֹא־כֵן׃ 7
זֶבַח רְשָׁעִים תּוֹעֲבַת יְהוָה וּתְפִלַּת יְשָׁרִים רְצוֹנוֹ׃ תּוֹעֲבַת 8 9

װען מֶען שְׁפִּילְט טְהוּט דָאס הַארְץ װֶעה, אוּנְד דָאס עֶנְד פוּן אַזָאלְכֶער שִׂמְחָה אִיז טְרוֹיעריגְקֵייט׃ 14 דֶער װָאס קֶעהְרְט אָפּ מִיט זַיין הַארְץ װֶעט מִיט זֵיינֶע אֵייגֶענֶע װֶעגֶען זַאט װֶערֶען, אָבֶּער אַ גוּטֶער מֶענְשׁ װֶעט זַאט װֶערֶען פוּן זִיךְ אַלֵיין׃ 15 אַ נַאר גְלוֹיבְּט אִיטְלִיכֶעם װָארְט, אָבֶּער אַ קְלוּגֶער קוּקְט גוּט אוֹיף זֵיינֶע טְרִיט׃ 16 אַ חָכָם הָאט מוֹרָא אוּנְד קֶעהְרְט אַװֶעק פוּן שְׁלֶעכְטֶען, אָבֶּער אַ נַאר שְׁטַארְקְט זִיךְ אוּנְד פֶערְזִיכֶערְט זִיךְ דַארוֹיף׃ 17 דֶער װָאס אִיז גֶעשְׁװִינְד עֶרְגֶערְלִיךְ טְהוּט נַארִישְׁקֵייט, אוּנְד דֶער מֶענְשׁ װָאס הָאט שְׁלֶעכְטֶע גֶע־דַאנְקֶען װֶערְט גֶעהַאסְט׃ 18 דִיא נַארוּנִים יַרְשְׁנְ'ן נַארִישְׁקֵייט, אָבֶּער דִיא קְלוּגֶע לֵייט װֶערֶען גֶעקְרוֹינְט מִיט װִיסֶענְשַׁאפְט׃ 19 דִיא שְׁלֶעכְטֶע װֶעלֶען זִיךְ בִּיקֶען פָאר דִיא גוּ־טֶע, אוּנְד דִיא רְשָׁעִים פָאר דִיא טוֹיעֶרְן פוּן דֶעם צַדִּיק׃ 20 דֶער אָרֶעמֶער װֶערְט אַפִילוּ גֶעהַאסְט פוּן זַיין פְרֵיינְד, אָבֶּער דֶער רֵייכֶער הָאט פִילֶע לִיבְּהָאבֶּערְס׃ 21 דֶער װָאס אִיז מְבַזֶּה זַיין חַבֵר אִיז אַ זִינְדְעֶר, אָבֶּער װָאוֹיל אִיז דֶעם װָאס דֶערְבַּארְמְט זִיךְ אִיבֶּער דִיא עֶלֶענְדֶע׃ 22 פֶערְאִירֶען זִיךְ דֶען נִיט דִיא װָאס טְרַאכְטֶען שְׁלֶעכְטֶעס? אָבֶּער חֶסֶד אוּנְד אֱמֶת װֶעט זַיין צוּ דִיא װָאס טְרַאכְטֶען גוּטֶעס׃ 23 אִין אִיטְלִיכֶע בֶּעמִיהוּנְג (אַרְבֵּייט) אִיז רֶוַח, אָבֶּער דִיא װֶערְטֶער פוּן דִיא לִיפֶּען בְּרֶענְגְט נָאר אַ מִינֶערוּנְג׃ 24 דִיא קְרוֹין פוּן דִיא חֲכָמִים אִיז זֵייעֶר רֵייכְטוּם, אָבֶּער דִיא נַארִישְׁקֵייט פוּן דִיא נַארוּנִים אִיז זֵייעֶר נַארִישְׁקֵייט׃ 25 אֵיין אֱמֶת'ר עֵדוּת אִיז מַצִיל נְפָשׁוֹת, אָבֶּער אַ פַאלְשֶׁער עֵדוּת טְרַאכְט לִיגֶען׃ 26 אִין דֶער פָארְכְט פוּן דֶעם הַאר אִיז אַ שְׁטַארְקֶע פֶערְזִיכֶערוּנְג, אוּנְד עֶס װֶעט זַיין אַ בֶּעשִׁיצוּנְג צוּ זֵיינֶע קִינְדֶער׃ 27 דִיא פָארְכְט פוּן דֶעם הַאר אִיז אַ קְוַאל פוּן לֶעבֶּען, כְּדֵי אָפְּצוּקֶעהְרֶען פוּן דִיא שְׁטְרוֹיכֶעל־נֶעץ פוּן דֶעם טוֹיט׃ 28 דוּרְךְ פִיל פָאלְק װֶערְט דֶער מֶלֶךְ בֶּעשֵׁיינְט, אָבֶּער װֶען עֶס אִיז נִיטָא קֵיין פָאלְק אַזוֹי װֶערְט אַ בְּרָאךְ צוּ דֶעם פִירְשְׁט׃ 29 דֶער װָאס דֶערְלֶענְגֶערְט זַיין צָארְן הָאט פִיל פֶערְשְׁטַאנְד, אָבֶּער דֶער װָאס װֶערְט גֶעשְׁװִינְד צָארְנִיג דֶערְהֶעבְּט זֵיינֶע נַארִישְׁ־קֵייט׃ 30 אַ גֶעזוּנְדֶעס הַארְץ אִיז דָאס לֶעבֶּען פוּן דֶעם פְלֵיישׁ, אָבֶּער קִנְאָה פֶערְפוֹילְט דִיא בֵּיינֶער׃ 31 װֶער דֶעם אָרֶעמֶען מַאן אוּנְטֶערְדְרִיקְט דֶער לֶעסְטֶערְט זַיין בֶּעשֶׁעפֶּער, אָבֶּער דֶער װָאס דֶערְבַּארְמְט זִיךְ אִיבֶּער דֶעם נוֹיטְבֶּעדַארְפְטִיגֶען עֶהְרְט אִיהְם׃ 32 דֶער רָשָׁע װֶערְט פֶערְשְׁטוֹיסֶען אִין זֵיינֶע שְׁלֶעכְטִיגְקֵייט, אָבֶּער דֶער צַדִיק בֶּעשִׁיצְט זִיךְ אַפִילוּ אִין זַיין טוֹיט׃ 33 אִין אַ פֶערְשְׁטֶענְדִיג הַארְץ רוּהְט חָכְמָה, אָבֶּער דָאס װָאס אִיז צְװִישֶׁען דִיא נַארוּנִים װֶערְט (בַּאלְד) בֶּעקַאנְט׃ 34 גֶערֶעכְטִיגְקֵייט דֶערְהֵייכְט אַ פָאלְק, אָבֶּער זִינְד אִיז אַ שַׁאנְד צוּ פֶעלְקֶער׃ 35 דָאס װָאוֹילְגֶעפַאלֶען פוּן אַ מֶלֶךְ אִיז צוּ אַ קְלוּגֶען קְנֶעכְט, אָבֶּער זַיין צָארְן װֶעט זַיין קֶעגֶען דֶעם װָאס מַאכְט פֶערְשֶׁעהְמֶען׃

קַאפִּיטֶעל טו

1 אַ װֵייכֶע עֶנְטְפֶער קֶעהְרְט אוּם דֶעם צָארְן, אָבֶּער אַ טְרוֹיערִיגֶעס װָארְט בְּרֶענְגְט אַרוֹיף דֶעם צָארְן׃ 2 דִיא צוּנְג פוּן דִיא קְלוּגֶע מַאכְט גוּט דִיא װִיסֶענְשַׁאפְט, אָבֶּער דָאס מוֹיל פוּן דִיא נַארוּנִים קְװֶעלְט אַרוֹיס נַארִישְׁקֵייט׃ 3 דִיא אוֹיגֶען פוּן דֶעם הַאר זֶענֶען אִין אִיטְלִיכֶען אָרְט, עֶר קוּקְט אוֹיף דֶעם שְׁלֶעכְטֶען אוּנְד גוּטֶען׃ 4 אַ גֶעהֵיילְטֶע צוּנְג אִיז אַ בּוֹים פוּן לֶעבֶּען, אָבֶּער דֶער װָאס פֶערְקְרִימְט דֶערְמִיט, אִיז אַ בְּרָאךְ אִין דֶעם גֵייסְט׃ 5 אַ נַאר פֶערְװַארְפְט דֶעם מוּסָר פוּן זַיין פָאטֶער, אָבֶּער דֶער װָאס הִיט שְׁטְרָאף אִיז קְלוּג׃ 6 אִין דֶעם הוֹיז פוּן דֶעם צַדִיק אִיז אַ גְרוֹיסֶער רֵייכְטוּם, אָבֶּער אִין דֶעם אֵיינְקוּמֶען פוּן דֶעם רָשָׁע אִיז נָאר בֶּע־טְרִיבֶּענִיס׃ 7 דִיא לִיפֶּען פוּן דִיא חֲכָמִים שְׁטְרֵייעֶן אוֹיס װִיסֶענְשַׁאפְט, אָבֶּער דָאס הַארְץ פוּן דִיא נַארוּנִים אִיז נִיט אַזוֹי׃ 8 דִיא קָרְבָּנוֹת פוּן דִיא רְשָׁעִים אִיז אֵיינֶע אוּמְװֶערְדִיגְ־קֵייט פָאר דֶעם הַאר, אָבֶּער דָאס גֶעבֶּעט פוּן דִיא אוֹיפְרִיכְטִיגֶע אִיז זַיין װָאוֹילְגֶעפַאלֶען׃

דער

י יהוה דרך רשע ומרדף צדקה יאהב׃ מוסר רע לעזב
11 ארח שונא תוכחת ימות׃ שאול ואבדון נגד יהוה אף
12 כי־לבות בני־אדם׃ לא יאהב־לץ הוכח לו אל־חכמים
13 לא ילך׃ לב שמח ייטב פנים ובעצבת־לב רוח נכאה׃
14 טו לב נבון יבקש־דעת ופני כסילים ירעה אולת׃ כל־ימי
16 עני רעים וטוב־לב משתה תמיד׃ טוב־מעט ביראת
17 יהוה מאוצר רב ומהומה בו׃ טוב ארחת ירק ואהבה
18 שם משור אבוס ושנאה־בו׃ איש חמה יגרה מדון
19 וארך אפים ישקיט ריב׃ דרך עצל כמשכת חדק וארח
כ ישרים סללה׃ בן חכם ישמח־אב וכסיל אדם בוזה
21 אמו׃ אולת שמחה לחסר־לב ואיש תבונה יישר־לכת׃
22 23 הפר מחשבות באין סוד וברב יועצים תקום׃ שמחה
24 לאיש במענה־פיו ודבר בעתו מה־טוב׃ ארח חיים
כה למעלה למשכיל למען סור משאול מטה׃ בית גאים
26 יסח יהוה ויצב גבול אלמנה׃ תועבת יהוה מחשבות
27 רע וטהרים אמרי־נעם׃ עכר ביתו בוצע בצע ושונא
28 מתנת יחיה׃ לב צדיק יהגה לענות ופי רשעים יביע
29 רעות׃ רחוק יהוה מרשעים ותפלת צדיקים ישמע׃
ל 31 מאור־עינים ישמח־לב שמועה טובה תדשן־עצם׃ אזן
32 שמעת תוכחת חיים בקרב חכמים תלין׃ פורע מוסר
33 מואס נפשו ושומע תוכחת קונה לב׃ יראת יהוה מוסר
חכמה ולפני כבוד ענוה׃

טז טז

2 א לאדם מערכי־לב ומיהוה מענה לשון׃ כל־דרכי־איש
3 זך בעיניו ותכן רוחות יהוה׃ גל אל־יהוה מעשיך ויכנו
4 מחשבתיך׃ כל פעל יהוה למענהו וגם־רשע ליום
ה רעה׃ תועבת יהוה כל־גבה־לב יד ליד לא ינקה׃

9 דער וועג פון דעם רשע איז איינע אומ־
ווירדיגקייט פאַר דעם האַר, אָבער דער
וואס יאָגט נאָך גערעכטיגקייט דעם ליבּט
ער: 10 שלעכטע יסורים זענען (אָנגע־
בּרייט) פאַר דעם וואס פערלאָזט דעם
(גוטען) וועג, דער וואס האָט פיינד שטראָף
וועט שטאַרבּען: 11 דער שאול אונד דאס
גהנם איז פאַר דעם האַר, מכּל־שכּן דיא
הערצער פון דיא מענשען־קינדער:
12 דער שפּעטער ליבּט ניט אַז מען זאָל
איהם שטראָפען, אונד ער וויל אויך ניט
געהן צו דיא חכמים: 13 אַ פרעהליכעם
האַרץ מאַכט אַ שעהן פּנים, אָבער אַ בּע־
טריבּט האַרץ איז אַ צובּראָכען געמיט:
14 אַ פערשטענדיגעס האַרץ זוכט וויסענ־
שאַפט, אָבער דאס מויל פון דיא נאַרונים
פּאַשעט זיך מיט נאַרישקייט: 15 אַלע
טעג פון דעם אָרעמען זענען שלעכט,
אָבער אַ גוט האַרץ איז אַ בּעשטענדיגע
מאָהלצייט: 16 עס איז בּעסער אַ ביסעלע
מיט גאָטעס־פאָרכט, וויא אַ גרויסער אוצר
מיט אַ בּעטריבּעניס: 17 עס איז בּעסער צו
האָבּען אַ מאָהלצייט פון קרויט מיט ליבּ־
שאַפט וויא אַ פּעטען אָקס מיט פיינדשאַפט:

18 אַ צאָרנדיגער מאַן רייצט אָן קריג, אָבער דער וואס פערלענגערט זיין צאָרן שטילט
אַ קריג: 19 דער וועג פון דעם פוילען איז גלייך אַזוי וויא אַ צוים פון דערנער, אָבער דער
וועג פון דיא אויפריכטיגע איז וויא אַ געטרעטענער וועג: 20 אַ קלוגער זוהן דערפרייעט
דעם פאָטער, אָבער אַ נאַרישער מענש איז מבזה זיינע מוטער: 21 נאַרישקייט איז אַ שמחה
צו דעם וואס האָט קיין פערשטאַנד, אָבער אַ פערשטענדיגער מענש געהט אויף דעם
אויפריכטיגען וועג: 22 דיא געדאַנקען ווערען פערשטערט ווייל מען בּעראָט זיך ניט,
אָבער דורך פילע עצות האָבען זייא אַ קיום: 23 אַ מענש האָט אַ שמחה דורך דיא ענטפער
פון זיין מויל, אונד אַ וואָרט אין דער צייט אָ וויא גוט איז עס: 24 דער וועג פון לעבּען
איז אָנגעבּרייט פון אויבּען פאַר דעם קלוגען, כּדי ער זאָל אָפּקעהרען פון דעם וועג וואס
נייגט צו דעם שאול: 25 דאָס הויז פון דיא בּעלי גאוה טהוט דער האַר אויסרייסען, אָבער
דיא גרענעץ פון דיא אַלמנה טהוט ער אויפשטעלען: 26 דיא געדאַנקען פון דעם שלעכ־
טען זענען איינע אומווירדיגקייט פאַר דעם האַר, אָבער ריינע געדאַנקען זענען אַזוי וויא
זיסע ווערטער: 27 דער וואס איז גייציג צו געווינען בּעטריבּט זיין אייגען הויז, אָבער דער
וואס האָט פיינד מתנות וועט לעבּען: 28 דאָס האַרץ פון דעם צדיק טראַכט וויא צו ענט־
פערן, אָבער דאָס מויל פון דיא רשעים רעט (נאַר) שלעכטעס: 29 דער האַר דערווייטערט
זיך פון דיא רשעים, אָבער דאס געבּעט פון דיא צדיקים דערהערט ער: 30 דיא דערלייכ־
טונג פון דיא אויגען דערפרייען דאס האַרץ, אונד אַ גוטע בשורה מאַכט פעט דיא בּיינער:
31 דאס אויער וואס הערט צו דיא שטראָפרייד פון לעבּען וועט בּלייבּען צווישען דיא חכמים:
32 דער וואס פערוואַרפט מוסר דער פערמיאוסט זיינע אייגענע זעלע, אָבער דער וואס
הערט צו דער שטראָפרייד שאַפט זיך אַ (פערשטענדיג) האַרץ: 33 דיא פאָרכט פון דעם
האַר איז דער מוסר פון חכמה, אונד פאַר דעם כּבוד איז ענוה:

קאפיטעל טז

1 דיא אָנריכטונג פום האַרץ איז פום מענש אָבער דיא ענטפער פון דער צונג איז פום האַר:
2 אַלע וועגען פון דעם מענש זענען ריין אין זיינע אייגענע אויגען, אָבער דער האַר טהוט
וועגען דיא גייסטער: 3 וועלגער אויף דעם האַר דיינע מעשים אַזוי וועלען דיינע מחשבות
בּעפעסטיגט ווערען: 4 דער האַר האָט אַלעס בּעשאַפען פון זיינעט וועגען, יוא, אַפילו
דעם רשע צו דעם שלעכטען טאָג: 5 איטליכעס שטאָלצע האַרץ איז איינע אומווירדיג־
קייט פאַר דעם האַר, חאָטשע איינער געט דעם אַנדערן דיא האַנד, וועט ער דאָך ניט
אומשולדיג

בְּחֶסֶד וֶאֱמֶת יְכֻפַּר עָוֺן וּבְיִרְאַת יְהוָה סוּר מֵרָע׃ בִּרְצוֹת 6 7
יְהוָה דַּרְכֵי־אִישׁ גַּם־אוֹיְבָיו יַשְׁלִם אִתּוֹ׃ טוֹב מְעַט 8
בִּצְדָקָה מֵרֹב תְּבוּאוֹת בְּלֹא מִשְׁפָּט׃ לֵב אָדָם יְחַשֵּׁב 9
דַּרְכּוֹ וַיהוָה יָכִין צַעֲדוֹ׃ קֶסֶם ׀ עַל־שִׂפְתֵי־מֶלֶךְ בְּמִשְׁפָּט י
לֹא יִמְעַל־פִּיו׃ פֶּלֶס ׀ וּמֹאזְנֵי מִשְׁפָּט לַיהוָה מַעֲשֵׂהוּ כָּל־ 11
אַבְנֵי־כִיס׃ תּוֹעֲבַת מְלָכִים עֲשׂוֹת רֶשַׁע כִּי בִצְדָקָה יִכּוֹן 12
כִּסֵּא׃ רְצוֹן מְלָכִים שִׂפְתֵי־צֶדֶק וְדֹבֵר יְשָׁרִים יֶאֱהָב׃ 13
חֲמַת־מֶלֶךְ מַלְאֲכֵי־מָוֶת וְאִישׁ חָכָם יְכַפְּרֶנָּה׃ בְּאוֹר־פְּנֵי־ 14 טו
מֶלֶךְ חַיִּים וּרְצוֹנוֹ כְּעָב מַלְקוֹשׁ׃ קְנֹה־חָכְמָה מַה־טּוֹב 16
מֵחָרוּץ וּקְנוֹת בִּינָה נִבְחָר מִכָּסֶף׃ מְסִלַּת יְשָׁרִים סוּר 17
מֵרָע שֹׁמֵר נַפְשׁוֹ נֹצֵר דַּרְכּוֹ׃ לִפְנֵי־שֶׁבֶר גָּאוֹן וְלִפְנֵי 18
כִשָּׁלוֹן גֹּבַהּ רוּחַ׃ טוֹב שְׁפַל־רוּחַ אֶת־עֲנָיִים מֵחַלֵּק שָׁלָל 19
אֶת־גֵּאִים׃ מַשְׂכִּיל עַל־דָּבָר יִמְצָא־טוֹב וּבוֹטֵחַ בַּיהוָה כ
אַשְׁרָיו׃ לַחֲכַם־לֵב יִקָּרֵא נָבוֹן וּמֶתֶק שְׂפָתַיִם יֹסִיף לֶקַח׃ 21
מְקוֹר חַיִּים שֵׂכֶל בְּעָלָיו וּמוּסַר אֱוִלִים אִוֶּלֶת׃ לֵב חָכָם 22 23
יַשְׂכִּיל פִּיהוּ וְעַל־שְׂפָתָיו יֹסִיף לֶקַח׃ צוּף־דְּבַשׁ אִמְרֵי־ 24
נֹעַם מָתוֹק לַנֶּפֶשׁ וּמַרְפֵּא לָעָצֶם׃ יֵשׁ דֶּרֶךְ יָשָׁר לִפְנֵי־ כה
אִישׁ וְאַחֲרִיתָהּ דַּרְכֵי־מָוֶת׃ נֶפֶשׁ עָמֵל עָמְלָה לּוֹ כִּי־אָכַף 26
עָלָיו פִּיהוּ׃ אִישׁ בְּלִיַּעַל כֹּרֶה רָעָה וְעַל־שְׂפָתָיו כְּאֵשׁ 27
צָרָבֶת׃ אִישׁ תַּהְפֻּכוֹת יְשַׁלַּח מָדוֹן וְנִרְגָּן מַפְרִיד אַלּוּף׃ 28
אִישׁ חָמָס יְפַתֶּה רֵעֵהוּ וְהוֹלִיכוֹ בְּדֶרֶךְ לֹא־טוֹב׃ עֹצֶה 29 ל
עֵינָיו לַחְשֹׁב תַּהְפֻּכוֹת קֹרֵץ שְׂפָתָיו כִּלָּה רָעָה׃ עֲטֶרֶת 31
תִּפְאֶרֶת שֵׂיבָה בְּדֶרֶךְ צְדָקָה תִּמָּצֵא׃ טוֹב אֶרֶךְ אַפַּיִם 32
מִגִּבּוֹר וּמֹשֵׁל בְּרוּחוֹ מִלֹּכֵד עִיר׃ בַּחֵיק יוּטַל אֶת־הַגּוֹרָל 33
וּמֵיְהוָה כָּל־מִשְׁפָּטוֹ׃

יז

טוֹב פַּת חֲרֵבָה וְשַׁלְוָה־בָהּ מִבַּיִת מָלֵא זִבְחֵי־רִיב׃ עֶבֶד א 2

אוּמְשׁוּלְדִיג זַיין׃ 6 דוּרְךְ חֶסֶד אוּנְד אֱמֶת
וֶוערְט דִיא זִינְד פֶּערְגֶעבֶּען, אוּנְד דוּרְךְ
גָאטֶעס פָּארְכְט קֶעהְרְט מֶען אָפּ פוּן דֶעם
שְׁלֶעכְטֶען׃ 7 וֶוען אַ מֶענְשֶׁענְס וֶועג אִיז
וְואוֹילְגֶעפֶעלִיג צוּ דֶעם הַאר אַזוֹי וֶועט
עֶר מַאכֶען אַז אַפִילוּ זַיינֶע פֵיינְד וֶועלֶען
מִיט אִיהְם שָׁלוֹם הָאבֶּען׃ 8 עֶס אִיז בֶּעסֶער
צוּ הָאבֶּען אַ בִּיסֶעלֶע מִיט גֶערֶעכְטִיגְקֵייט
וִויא צוּ הָאבֶּען פִיל תְּבוּאוֹת אָהְן מִשְׁפָּט׃
9 אַ מֶענְשֶׁענְס הַארְץ טְרַאכְט אוֹיס זַיין
אֵיינֶעם וֶועג, אָבֶּער דֶער הַאר טְהוּט אָנְ־
בְּרֵייטֶען זַיינֶע שְׁרִיט׃ 10 וָואהְר־זָאגֶערַייא
אִיז אוֹיף דִיא לִיפֶּען פוּן דֶעם מֶלֶךְ, זַיין
מוֹיל טְהוּט נִיט פַאלְשֶׁען אִין דֶעם מִשְׁפָּט׃
11 אַ רֶעכְטֶע וָואג אוּנְד וָואגְשָׁאלֶען זֶענֶען
פוּן דֶעם הַאר, אַלֶע גֶעוִויכְט שְׁטֵיינֶער
פוּן דֶעם בֵּייטֶעל זֶענֶען זַיינֶע מַעֲשִׂים׃
12 עֶס אִיז אֵיינֶע אוּמְוֶוערְדִיגְקֵייט פַאר
מְלָכִים שְׁלֶעכְטֶעס צוּ טְהוּן, וָוארִין דוּרְךְ
גֶערֶעכְטִיגְקֵייט וֶוערְט זַיין שְׁטוּהְל בֶּע־
פֶעסְטִיגְט׃ 13 גֶערֶעכְטֶע לִיפֶּען זֶענֶען אַ
וְואוֹילְגֶעפַאלֶען פוּן מְלָכִים אוּנְד דֶער וָואס
רֶעט רֶעכְטפַארְטִיגְקֵייט דֶעם הָאט עֶר לִיבּ׃
14 דֶער צָארְן פוּן אַ מֶלֶךְ אִיז אַזוֹי וִויא
דִיא שְׁלוּחִים פוּן דֶעם טוֹיט, אָבֶּער אַ קְלוּגֶער מֶענְשׁ טְהוּט זִיךְ מִיט אִיהְם אִיבֶּערְבֶּעטֶען׃
15 אִין דֶעם לִיכְטִיגֶען פָּנִים פוּן דֶעם מֶלֶךְ אִיז לֶעבֶּען, אוּנְד זַיין וְואוֹילְגֶעפַאלֶען אִיז אַזוֹי
וִויא דֶער וָואלְקֶען פוּן אַ שְׁפֶּעט־רֶעגֶען׃ 16 זִיךְ אָנְצוּקוֹיפֶען חָכְמָה אִיז פִיל בֶּעסֶער וִויא
פֵיינְגָאלְד, אוּנְד זִיךְ אָנְצוּקוֹיפֶען פֶערְשְׁטַאנְד וִויא דָאס אוֹיסְדֶערְוֶועהְלְטֶע זִילְבֶּער׃ 17 דֶער
וֶועג פוּן דִיא רֶעכְטפַארְטִיגֶע אִיז אָפּצוּקֶעהְרֶען פוּן דֶעם שְׁלֶעכְטֶען, אוּנְד דֶער וָואס הִיט
זַיינֶע זֶעלֶע הִיט זַיין וֶועג׃ 18 שְׁטָאלְצְהֵייט אִיז פַאר אַ בְּרָאךְ, אוּנְד אַ הוֹיךְ גֶעמִיט פַאר אַ
שְׁטְרוֹיכְלוּנְג׃ 19 עֶס אִיז בֶּעסֶער צוּ הָאבֶּען אַ נִידֶערִיג גֶעמִיט מִיט דִיא דֶעמִיטִיגֶע, וִויא
אוֹיסְצוּטֵיילֶען זַאק־רוֹיבּ מִיט דִיא שְׁטָאלְצֶע׃ 20 דֶער וָואס קְלִיגְט נָאךְ אִיבֶּער אַ זַאךְ גֶע־
פִינְט גוּטֶעס, אוּנְד דֶער וָואס פֶערְזִיכֶערְט זִיךְ אוֹיף דֶעם הַאר דֶער אִיז גֶעבֶּענְשְׁט׃ 21 צוּ
דֶעם וָואס הָאט אַ קְלוּג הַארְץ דֶעם וֶועט מֶען רוּפֶען אַ פֶערְשְׁטֶענְדִיגֶער, אוּנְד דִיא זִיסְקֵייט
פוּן דִיא לִיפֶּען פֶערְמֶעהְרְט לֶערְנוּנְג׃ 22 אַ קְוַואל פוּן לֶעבֶּען אִיז דֶער וָואס הָאט שֵׂכֶל,
אָבֶּער דֶער מוּסָר פוּן דִיא נַארוּנִים אִיז נַארִישְׁקֵייט׃ 23 דָאס הַארְץ פוּן אַ חָכָם מַאכְט קְלוּג
זַיין מוֹיל, אוּנְד אוֹיף זַיינֶע לִיפֶּען פֶערְמֶעהְרְט עֶר לֶערְנוּנְג׃ 24 אַזוֹי וִויא דִיא זִיסְקֵייט פוּן
הָאנִיג זֶענֶען לִיבְּלִיכֶע וֶוערְטֶער, אַזוֹי אִיז אַ זִיסְקֵייט צוּ דֶעם נֶפֶשׁ אוּנְד אַ הֵיילוּנְג צוּ דִיא
בֵּיינֶער׃ 25 עֶס אִיז פֶערְהַאנְדֶען אַ וֶועג וָואס שֵׁיינְט רֶעכְטפַארְטִיג צוּ זַיין פַאר דֶעם מֶענְשׁ,
אָבֶּער דָאס עֶנְד דֶערְפוּן אִיז דֶער וֶועג צוּ דֶעם טוֹיט׃ 26 דֶער וָואס אַרְבֵּייטֶעט אַרְבֵּייט
פַאר זִיךְ אַלֵיין, וָוארִין זַיין מוֹיל גֶעטִיגְט אִיהְם דֶערְצוּ׃ 27 אַ שְׁלֶעכְטֶער מֶענְשׁ גְרוּבְּט אוֹיס
שְׁלֶעכְטֶעס, אוּנְד עֶס אִיז אוֹיף זַיינֶע לִיפֶּען אַזוֹי וִויא אַ בְּרֶענֶענְדִיג פֵייעֶר׃ 28 אַ פֶערְ־
קֶעהְרְטֶער מֶענְשׁ רֵייצְט אָן קְרִיג, אוּנְד אֵיין אֵיינְרוּמֶער צוּשֵׁייט דִיא בֶּעסְטֶע פְרֵיינְדֶע׃
29 אַ רוֹיבֶּערִישֶׁער מֶענְשׁ אִיבֶּערְרֶעט זַיין חַבֵר, אוּנְד עֶר פִיהְרְט אִיהְם אוֹיף אַ וֶועג וָואס
אִיז נִיט גוּט׃ 30 עֶר מַאכְט צוּ זַיינֶע אוֹיגֶען כְּדֵי אוֹיסְצוּטְרַאכְטֶען פֶערְקֶעהְרְטֶע זַאכֶען, עֶר
בַּייסְט צוּזַאמֶען זַיינֶע לִיפֶּען אוּנְד אַזוֹי פֶערְלֶענְט עֶר דָאס שְׁלֶעכְטֶע׃ 31 דִיא גְרוֹיעֶ עֶלְטֶער
אִיז אַ שֶׁעהְנֶע קְרוֹין, וֶוען עֶר גֶעפִינְט זִיךְ אוֹיף דֶעם וֶועג פוּן גֶערֶעכְטִיגְקֵייט׃ 32 עֶס אִיז
בֶּעסֶער צוּ זַיין אַ לַאנְגְמִיטִיגֶער וִויא אַ גִבּוֹר, אוּנְד אֵיינֶער וָואס גֶעוֶועלְטִיגְט אִיבֶּער זַיין
גֶעמִיט וִויא דֶער וָואס נֶעמְט אֵיין אַ שְׁטָאט׃ 33 אִין דֶעם שׁוֹיס וֶוערְט דָאס גוֹרָל גֶעוָוארְ־
פֶען, אָבֶּער פוּן דֶעם הַאר אִיז זַיין גַאנְצֶעס מִשְׁפָּט׃

קאפיטעל יז

1 עֶס אִיז בֶּעסֶער צוּ עֶסֶען אַ שְׁטִיקֶעל טְרוּקֶען בְּרוֹיט מִיט שָׁלוֹם, אֵיידֶער צוּ
הָאבֶּען אַ הוֹיז פוּל מִיט זְבוּחִים אוּנְד קְרִיג דֶערְמִיט׃ 2 אַ קְלוּגֶער קְנֶעכְט וֶועט
געוועלטיגען

מַשְׂכִּיל יִמְשֹׁל בְּבֵן מֵבִישׁ וּבְתוֹךְ אַחִים יַחֲלֹק נַחֲלָה׃
3 4 מַצְרֵף לַכֶּסֶף וְכוּר לַזָּהָב וּבֹחֵן לִבּוֹת יְהוָה׃ מֵרַע מַקְשִׁיב
ה עַל־שְׂפַת־אָוֶן שֶׁקֶר מֵזִין עַל־לְשׁוֹן הַוֺּת׃ לֹעֵג לָרָשׁ חֵרֵף
6 עֹשֵׂהוּ שָׂמֵחַ לְאֵיד לֹא יִנָּקֶה׃ עֲטֶרֶת זְקֵנִים בְּנֵי בָנִים
7 וְתִפְאֶרֶת בָּנִים אֲבוֹתָם׃ לֹא־נָאוָה לְנָבָל שְׂפַת יֶתֶר אַף
8 כִּי־לְנָדִיב שְׂפַת־שָׁקֶר׃ אֶבֶן־חֵן הַשֹּׁחַד בְּעֵינֵי בְעָלָיו אֶל־
9 כָּל־אֲשֶׁר יִפְנֶה יַשְׂכִּיל׃ מְכַסֶּה־פֶּשַׁע מְבַקֵּשׁ אַהֲבָה וְשֹׁנֶה
י בְדָבָר מַפְרִיד אַלּוּף׃ תֵּחַת גְּעָרָה בְמֵבִין מֵהַכּוֹת כְּסִיל
11 12 מֵאָה׃ אַךְ מְרִי יְבַקֶּשׁ־רָע וּמַלְאָךְ אַכְזָרִי יְשֻׁלַּח־בּוֹ׃ פָּגוֹשׁ
13 דֹּב שַׁכּוּל בְּאִישׁ וְאַל־כְּסִיל בְּאִוַּלְתּוֹ׃ מֵשִׁיב רָעָה תַּחַת
14 טוֹבָה לֹא־תָמִישׁ רָעָה מִבֵּיתוֹ׃ פּוֹטֵר מַיִם רֵאשִׁית מָדוֹן
טו וְלִפְנֵי הִתְגַּלַּע הָרִיב נְטוֹשׁ׃ מַצְדִּיק רָשָׁע וּמַרְשִׁיעַ צַדִּיק
16 תּוֹעֲבַת יְהוָה גַּם־שְׁנֵיהֶם׃ לָמָּה־זֶּה מְחִיר בְּיַד־כְּסִיל
17 לִקְנוֹת חָכְמָה וְלֶב־אָיִן׃ בְּכָל־עֵת אֹהֵב הָרֵעַ וְאָח לְצָרָה
18 יִוָּלֵד׃ אָדָם חֲסַר־לֵב תֹּקֵעַ כָּף עֹרֵב עֲרֻבָּה לִפְנֵי רֵעֵהוּ׃
19 כ אֹהֵב פֶּשַׁע אֹהֵב מַצָּה מַגְבִּיהַּ פִּתְחוֹ מְבַקֶּשׁ־שָׁבֶר׃ עִקֶּשׁ־
21 לֵב לֹא יִמְצָא־טוֹב וְנֶהְפָּךְ בִּלְשׁוֹנוֹ יִפּוֹל בְּרָעָה׃ יֹלֵד
22 כְּסִיל לְתוּגָה לוֹ וְלֹא יִשְׂמַח אֲבִי נָבָל׃ לֵב שָׂמֵחַ יֵיטִב
23 גֵּהָה וְרוּחַ נְכֵאָה תְּיַבֶּשׁ־גָּרֶם׃ שֹׁחַד מֵחֵק רָשָׁע יִקָּח
24 לְהַטּוֹת אָרְחוֹת מִשְׁפָּט׃ אֶת־פְּנֵי מֵבִין חָכְמָה וְעֵינֵי כְסִיל
כה 26 בִּקְצֵה־אָרֶץ׃ כַּעַס לְאָבִיו בֵּן כְּסִיל וּמֶמֶר לְיוֹלַדְתּוֹ׃ גַּם
27 עֲנוֹשׁ לַצַּדִּיק לֹא־טוֹב לְהַכּוֹת נְדִיבִים עַל־יֹשֶׁר׃ חוֹשֵׂךְ
28 אֲמָרָיו יוֹדֵעַ דָּעַת וְקַר־רוּחַ אִישׁ תְּבוּנָה׃ גַּם אֱוִיל
מַחֲרִישׁ חָכָם יֵחָשֵׁב אֹטֵם שְׂפָתָיו נָבוֹן׃

יח יח

2 א לְתַאֲוָה יְבַקֵּשׁ נִפְרָד בְּכָל־תּוּשִׁיָּה יִתְגַּלָּע׃ לֹא־יַחְפֹּץ
3 כְּסִיל בִּתְבוּנָה כִּי אִם־בְּהִתְגַּלּוֹת לִבּוֹ׃ בְּבוֹא־רָשָׁע בָּא

געוועלטיגען איבער א פערשעמטען זוהן,
אונד צווישען דיא ברידער טהוט ער אויס־
טיילען דיא נַחֲלָה: 3 דער שמעלץ־טיגעל
איז פאר זילבער, אונד דער פייער־אויבען
פאר גאלד, אבער דער האר פריפט דיא
הערצער: 4 דער שלעכטער פערנעמט
אומגערעכטע ליפען, אונד א ליגנער נייגט
דאס אויער צו א פערקרימט לָשׁוֹן: 5 דער
וואס שפעט פון איין ארעמען לעסטערט
זיין בעשעפער, אונד דער וואס פרייט זיך
איבער איין אומגליק וועט ניט אומגע־
שטראפט בלייבען: 6 דיא קרוין פון אלטע
לייט איז קינדער'ס קינדער, אונד דיא
שעהנקייט פון קינדער איז זייערע עלטערן:
7 שעהנע ווערטער זענען ניט אנגענעהם
צו א נאר, מִכָּל־שֶׁכֵּן א פאלשע ליפ צו א
פירשט: 8 איין עדעל־שטיין איז א שעהן
געשענק אין דיא אויגען פון דעם וואס האט
עס, אזוי ער קעהרט זיך אהין בעגליקט
ער: 9 דער וואס דעקט צו א זינד זוכט
ליבשאפט, אבער דער וואס דערמאנט דיא
זאך דער שייט דיא בעסטע פריינד: 10 צו
א פערשטענדיגען איז דאס אנשרייען
מעהר וויא הונדערט שלעג צו א נאר:

11 דער שלעכטער מענש זוכט נאר ווידערשפעניגקייט, דאריבער ווערט צו איהם גע־
שיקט איין אונדערבארעמדיגער שָׁלִיחַ: 12 עס איז בעסער פאר א מאן צו בעגעגנען א
בער וואס איז בערויבט פון זיינע יונגען, וויא א נאר אין זיינע נארישקייט: 13 דער וואס
קעהרט צוריק שלעכטעס פאר גוטעס, וועט דאס שלעכטע פון זיין הויז ניט אפגעטהון
ווערען: 14 דער אנהויב פון שטרייט איז אזוי וויא איינער וואס לאזט ארויס וואסער,
דאריבער, איידער דער קריג ווערט אנטפלעקט פערלאז איהם: 15 דער וואס מאכט גע־
רעכט דעם רָשָׁע אונד בעשולדיגט דעם צַדִּיק, זייא ביידע זענען איינע אומווירדיגקייט
פאר דעם האר: 16 פארוואס איז דער קויפפרייז פון חָכְמָה אין דיא האנד פון א נאר, ווען
ער האט ניט דערצו קיין הארץ? 17 א פריינד ליבט צו יעדער צייט, אבער א ברודער
איז צו דער צָרָה געבוירען געווארען: 18 א מענש וואס האט קיין פערשטאנד געט תְּקִיעַת
כַּף, אונד ער ווערט איין עָרֵב פאר זיין חָבֵר: 19 דער וואס ליבט צו זינדיגען דער האט
ליב צו קריגען, אונד דער וואס דערהויכט זיינע טיער זוכט א בראך: 20 א פערקרימט
הארץ געפינט קיין גוטעס, אונד דער וואס פערקעהרט זיינע צונג פאלט אריין אין שלעכ־
טען: 21 דער וואס געווינט א נאר צו דעם איז ער א טרויריגקייט, אונד דער פאטער פון
א נאר פרייט זיך ניט: 22 א פרעהליכעס הארץ טהוט גוט צו א מעדיצין, אבער א בעטריב־
טער געמיט פערטריקענט דיא ביינער: 23 דער רָשָׁע נעמט ארויס שֹׁחַד פון דעם בוזעם,
כְּדֵי אפצובייגען דעם וועג פון מִשְׁפָּט: 24 פאר דעם פָּנִים פון דעם פערשטענדיגען איז חָכְמָה,
אבער דיא אויגען פון דעם נאר זענען אין דעם עק פון דער ערד: 25 א נארישער זוהן
איז איין ערגערניס צו זיין פאטער, אונד א ביטערקייט צו איהר וואס האט איהם געבוירען:
26 אויך דעם צַדִּיק צו שטראפען איז ניט גוט, אדער צו שלאגען דיא פירשטען מעהר
וויא עס איז רעכט: 27 ווער עס האלט צוריק זיינע ווערטער דער ווייסט וויסענשאפט,
אונד דער וואס האט א טייער געמיט איז א פערשטענדיגער מאן: 28 אפילו ווען א נאר
שווייגט ווערט ער גערעכענט פאר א חָכָם, אונד דער וואס פערשליסט זיינע ליפען ווערט
געהאלטען פאר א פערשטענדיגען מענש:

## קאפיטעל יח

1 דורך דיא גלוסטונג זוכט א מענש זיך אפצושיידען, אבער אין איטליכער עֵצָה פון דיא
קלוגע מישט ער זיך אריין: 2 דער נאר האט קיין פערלאנגען צום פערשטאנד, נייערט
אין דער אנטפלעקונג פון זיין הארץ: 3 ווען דער רָשָׁע קומט, אזוי קומט
מיט

גַּם־בּוּז וְעִם־קָלוֹן חֶרְפָּה׃ מַיִם עֲמֻקִּים דִּבְרֵי פִי־אִישׁ 4
נַחַל נֹבֵעַ מְקוֹר חָכְמָה׃ שְׂאֵת פְּנֵי־רָשָׁע לֹא־טוֹב לְהַטּוֹת ה
צַדִּיק בַּמִּשְׁפָּט׃ שִׂפְתֵי כְסִיל יָבֹאוּ בְרִיב וּפִיו לְמַהֲלֻמוֹת 6
יִקְרָא׃ פִּי־כְסִיל מְחִתָּה־לוֹ וּשְׂפָתָיו מוֹקֵשׁ נַפְשׁוֹ׃ דִּבְרֵי 7 8
נִרְגָּן כְּמִתְלַהֲמִים וְהֵם יָרְדוּ חַדְרֵי־בָטֶן׃ גַּם מִתְרַפֶּה 9
בִמְלַאכְתּוֹ אָח הוּא לְבַעַל מַשְׁחִית׃ מִגְדַּל־עֹז י
שֵׁם יְהוָה בּוֹ־יָרוּץ צַדִּיק וְנִשְׂגָּב׃ הוֹן עָשִׁיר קִרְיַת עֻזּוֹ 11
וּכְחוֹמָה נִשְׂגָּבָה בְּמַשְׂכִּתוֹ׃ לִפְנֵי־שֶׁבֶר יִגְבַּהּ לֵב־אִישׁ 12
וְלִפְנֵי כָבוֹד עֲנָוָה׃ מֵשִׁיב דָּבָר בְּטֶרֶם יִשְׁמָע אִוֶּלֶת הִיא־ 13
לוֹ וּכְלִמָּה׃ רוּחַ אִישׁ יְכַלְכֵּל מַחֲלֵהוּ וְרוּחַ נְכֵאָה מִי 14
יִשָּׂאֶנָּה׃ לֵב נָבוֹן יִקְנֶה־דָּעַת וְאֹזֶן חֲכָמִים תְּבַקֶּשׁ־דָּעַת׃ טו
מַתָּן אָדָם יַרְחִיב לוֹ וְלִפְנֵי גְדֹלִים יַנְחֶנּוּ׃ צַדִּיק הָרִאשׁוֹן 16 17
בְּרִיבוֹ יָבֹא רֵעֵהוּ וַחֲקָרוֹ׃ מִדְיָנִים יַשְׁבִּית הַגּוֹרָל וּבֵין 18
עֲצוּמִים יַפְרִיד׃ אָח נִפְשָׁע מִקִּרְיַת־עֹז וּמִדְוָנִים כִּבְרִיחַ 19
אַרְמוֹן׃ מִפְּרִי פִי־אִישׁ תִּשְׂבַּע בִּטְנוֹ תְּבוּאַת שְׂפָתָיו כ
יִשְׂבָּע׃ מָוֶת וְחַיִּים בְּיַד־לָשׁוֹן וְאֹהֲבֶיהָ יֹאכַל פִּרְיָהּ׃ מָצָא 21 22
אִשָּׁה מָצָא טוֹב וַיָּפֶק רָצוֹן מֵיְהוָה׃ תַּחֲנוּנִים יְדַבֶּר־רָשׁ 23
וְעָשִׁיר יַעֲנֶה עַזּוֹת׃ אִישׁ רֵעִים לְהִתְרֹעֵעַ וְיֵשׁ אֹהֵב 24
דָּבֵק מֵאָח׃

## יט

טוֹב רָשׁ הוֹלֵךְ בְּתֻמּוֹ מֵעִקֵּשׁ שְׂפָתָיו וְהוּא כְסִיל׃ גַּם א 2
בְּלֹא־דַעַת נֶפֶשׁ לֹא־טוֹב וְאָץ בְּרַגְלַיִם חוֹטֵא׃ אִוֶּלֶת אָדָם 3
תְּסַלֵּף דַּרְכּוֹ וְעַל־יְהוָה יִזְעַף לִבּוֹ׃ הוֹן יֹסִיף רֵעִים רַבִּים 4
וְדָל מֵרֵעֵהוּ יִפָּרֵד׃ עֵד שְׁקָרִים לֹא יִנָּקֶה וְיָפִיחַ כְּזָבִים ה
לֹא יִמָּלֵט׃ רַבִּים יְחַלּוּ פְנֵי־נָדִיב וְכָל־הָרֵעַ לְאִישׁ מַתָּן׃ 6
כָּל אֲחֵי־רָשׁ ׀ שְׂנֵאֻהוּ אַף כִּי מְרֵעֵהוּ רָחֲקוּ מִמֶּנּוּ מְרַדֵּף 7
אֲמָרִים לֹא־הֵמָּה׃ קֹנֶה־לֵּב אֹהֵב נַפְשׁוֹ שֹׁמֵר תְּבוּנָה 8

מִיט אִיהְם שַׁאנְד, אוּנְד מִיט דֶער שַׁאנְד אוֹיךְ אַ חֶרְפָּה׃ 4 דִיא וֶוערְטֶער פוּן אַ מֶענְשֶׁענְ׳ס מוֹיל זֶענֶען אַזוֹי וִויא טִיפֶע וַואסֶער, אוּנְד דֶער קְוַואל פוּן דִיא חָכְמָה אַזוֹי וִויא אַ פְלִיסֶענְדֶער טַייךְ׃ 5 עֶס אִיז נִיט גוּט אַז מֶען זָאל אָנְנֶעמֶען דָאס פָּנִים פוּן דֶעם רָשָׁע, כְּדֵי אָפְּצוּנֵייגֶען דֶעם צַדִּיק אִין דֶעם מִשְׁפָּט׃ 6 דִיא לִיפֶּען פוּן אַ נַאר קוּמֶען צוּם שְׁטְרֵייט, אוּנְד זֵיין מוֹיל רוּפְט צוּ שְׁלֶעגֶערֵייא׃ 7 דָאס מוֹיל פוּן אַ נַאר אִיז זֵיינֶע פֶערְטִילְגוּנְג, אוּנְד זֵיינֶע לִיפֶּען זֶענֶען אַ שְׁטְרוֹיכְלוּנְג פַאר זֵיין אֵייגֶענֶעם נֶפֶשׁ׃ 8 דִיא וֶוערְטֶער פוּן אַ הוֹלֵךְ רָכִיל זֶענֶען אַזוֹי וִויא וְואוּנְדֶען, אוּנְד זֵייא גֶעהֶען אַרוּפּ צוּ דִיא חֲדָרִים פוּן דֶעם בּוֹיךְ׃ 9 דֶער וָואס אִיז פוֹיל אִין זֵיינֶע אַרְבֵּייט אִיז אַ בְּרוּדֶער צוּ דֶעם וָואס אִיז אַ גְרוֹיסֶער פֶערְדַארְבֶּער׃ 10 דֶער נָאמֶען פוּן דֶעם הַאר אִיז אַ שְׁטַארְקֶער טוּרֶעם, דֶער צַדִּיק לוֹיפְט דַארִין אַרֵיין אוּנְד אִיז זִיכֶער׃ 11 דֶעם רֵייכֶען מַאנְ׳ס פֶערְמֶעגֶען זֶענֶען זֵיינֶע שְׁטַארְקֶע שְׁטֶעט, אוּנְד אַזוֹי וִויא אַ הוֹיכֶע מוֹיעֶר אִיז זֵיינֶע שְׁטַארְקֶע אֵיינְבִּילְדוּנְג׃ 12 דֶעם מֶענְשֶׁענְ׳ס הַארְץ דֶערְהֵייבְט זִיךְ בֶּעפָאר אַ בְּרָאךְ, אָבֶּער אֵיידֶער אֵיינֶער בֶּעקוּמְט כָּבוֹד מוּז עֶר הָאבֶּען עֲנָוָה׃ 13 דֶער וָואס עֶנְטְפֶערְט אַ זַאךְ אֵיידֶער עֶר הֶערְט עֶס גוּט אוֹיס, דָאס אִיז צוּ אִיהְם נַארִישׁ אוּנְד אַ שַׁאנְד׃ 14 דָאס גֶעמִיט פוּן אַ מֶענְשׁ מַאכְט אִיהְם אוֹיסְהַאלְטֶען זֵיינֶע קְרַאנְקְהֵייט, אָבֶּער אַ בֶּעטְרִיבְּטֶעס גֶעמִיט וֶוער קֶען עֶס דֶערְטְרָאגֶען? 15 דָאס הַארְץ פוּן דֶעם פֶערְשְׁטֶענְדִיגֶען שַׁאפְט זִיךְ אָן ווִיסֶענְשַׁאפְט, אוּנְד דָאס אוֹיעֶר פוּן דִיא חֲכָמִים זוּכֶען ווִיסֶענְשַׁאפְט׃ 16 אַ מֶענְשֶׁענְ׳ס מַתָּנָה מַאכְט פַאר אִיהְם אַ בְּרֵייטֶען פְּלַאץ, אוּנְד עֶס פִיהְרְט אִיהְם פַאר דִיא גְרוֹיסֶע לֵייט׃ 17 דֶער עֶרְשְׁטֶער אִין זֵיין קְרִיג מֵיינְט אַז עֶר אִיז גֶערֶעכְט, אָבֶּער וֶוען זֵיין חַבֵר קוּמְט דֶער פָארְשְׁט אִיהְם אוֹיס׃ 18 דָאס גוֹרָל מַאכְט דֶעם שְׁטְרֵייט אוֹיפְהֶערֶען, אוּנְד צְוִוישֶׁען דִיא שְׁטַארְקֶע צוּשֵׁיידֶעט׃ 19 אַ בֶּעלֵיידִיגְטֶער בְּרוּדֶער אִיז שְׁוֶוערֶער צוּפְרִידֶען צוּ מַאכֶען ווִיא אַ שְׁטַארְקֶע שְׁטָאט, אוּנְד זֵייעֶר שְׁטְרֵייט אִיז אַזוֹי ווִיא דִיא רִיגֶעל פוּן אַ פַּאלַאסְט׃ 20 פוּן דִיא פֵּירוֹת פוּן דֶעם מֶענְשֶׁענְ׳ס מוֹיל וֶוערְט זֵיין בּוֹיךְ זַאט, אוּנְד פוּן דֶעם אֵיינְקוּמֶען פוּן זֵיינֶע לִיפֶּען זָאל עֶר זַאט וֶוערֶען׃ 21 טוֹיט אוּנְד לֶעבֶּען אִיז דוּרְךְ דִיא צוּנְג, אוּנְד אִיהְרֶע לִיבְּהָאבֶּערְס עֶסֶען פוּן אִיהְרֶע פֵּירוֹת׃ 22 דֶער וָואס גֶעפִינְט אַ (גוּט) וַוייבּ דֶער גֶעפִינְט גוּטֶעס, אוּנְד עֶר וֶועט הָאבֶּען אַ וְואוֹילְגֶעפַאלֶען פוּן דֶעם הַאר׃ 23 דֶער אָרֶעמֶער רֶעט מִיט גֶעבֶּעט, אָבֶּער דֶער עָשִׁיר עֶנְטְפֶערְט מִיט עַזּוּת׳קֵייט׃ 24 אַ מֶענְשׁ וָואס הָאט פְרֵיינְד מוּז זִיךְ פְרֵיינְדְלִיךְ בֶּעווייזֶען, אוּנְד עֶס אִיז פֶערְהַאנְדֶען אַ פְרֵיינְד וָואס בֶּעהֶעפְט זִיךְ מֶעהְר וִויא אַ בְּרוּדֶער׃

## קאפיטעל יט

1 אֵיין אָרֶעמֶער וָואס גֶעהְט אַרוּם אִין זֵיינֶע אוֹיפְרִיכְטִיגְקֵייט אִיז בֶּעסֶער וִויא דֶער וָואס פֶערְקְרִימְט זֵיינֶע לִיפֶּען אוּנְד אִיז אַ נַאר׃ 2 אוּנְד דֶער וָואס אִיז אָן ווִיסֶענְשַׁאפְט אִיז אוֹיךְ נִיט גוּט, אוּנְד דֶער וָואס אֵיילְט מִיט זֵיינֶע פִיס זִינְדִיגְט׃ 3 דֶעם מֶענְשֶׁענְ׳ס נַארִישְׁקֵייט פֶערְדְרֶעהְט זֵיין וֶועג, אוּנְד קֶעגֶען דֶעם הַאר צָארְנְט זֵיין הַארְץ׃ 4 רֵייכְטוּם פֶערְמֶעהְרְט פִילֶע פְרֵיינְד, אוּנְד פוּן אֵיין אָרֶעמֶען וֶוערֶען אַפִילוּ זֵיינֶע פְרֵיינְד אָפְּגֶעשֵׁייט׃ 5 אַ פַאלְשֶׁער עֵדוּת וֶועט נִיט אוּמְבֶּעשְׁטְרָאפְט בְּלֵייבֶּען, אוּנְד דֶער וָואס זָאגְט לִיגֶען וֶועט אוֹיךְ נִיט אַנְטְרִינֶען׃ 6 פִילֶע בֶּעטֶען אָן דָאס פָּנִים פוּן דֶעם עֶדֶעלֶען מֶענְשׁ, אוּנְד אִיטְלִיכֶער אִיז אַ פְרֵיינְד צוּ דֶעם וָואס גֶעט מַתָּנוֹת׃ 7 אַלֶע בְּרִידֶער פוּן דֶעם אָרֶעמֶען הָאבֶּען אִיהְם פֵיינְד, מִכָּל־שֶׁכֵּן טְהוּן דָאס זֵיינֶע פְרֵיינְד וָואס הָאבֶּען זִיךְ דֶערְווייטֶערְט פוּן אִיהְם! עֶר יָאגְט זֵייא נָאךְ מִיט וֶוערְטֶער, דָאךְ זֶענֶען זֵייא גָארְנִיט צוּ אִיהְם׃ 8 דֶער וָואס שַׁאפְט זִיךְ אָן אַ פֶערְשְׁטֶענְדִיג הַארְץ לִיבְּט זִיךְ אַלֵיין, אוּנְד דֶער וָואס הִיט פֶערְשְׁטֶענְדִיגְקֵייט וֶועט

9 לְמָצֹא־טוֹב׃ עֵד שְׁקָרִים לֹא יִנָּקֶה וְיָפִיחַ כְּזָבִים יֹאבֵד׃
י לֹא־נָאוֶה לִכְסִיל תַּעֲנוּג אַף כִּי־לְעֶבֶד ׀ מְשֹׁל בְּשָׂרִים׃
11 12 שֵׂכֶל אָדָם הֶאֱרִיךְ אַפּוֹ וְתִפְאַרְתּוֹ עֲבֹר עַל־פָּשַׁע׃ נַהַם
13 כַּכְּפִיר זַעַף מֶלֶךְ וּכְטַל עַל־עֵשֶׂב רְצוֹנוֹ׃ הַוֹּת לְאָבִיו בֵּן
14 כְּסִיל וְדֶלֶף טֹרֵד מִדְיְנֵי אִשָּׁה׃ בַּיִת וָהוֹן נַחֲלַת אָבוֹת
טו וּמֵיְהוָה אִשָּׁה מַשְׂכָּלֶת׃ עַצְלָה תַּפִּיל תַּרְדֵּמָה וְנֶפֶשׁ
16 רְמִיָּה תִרְעָב׃ שֹׁמֵר מִצְוָה שֹׁמֵר נַפְשׁוֹ בּוֹזֵה דְרָכָיו
17 18 יוּמָת׃ מַלְוֵה יְהוָה חוֹנֵן דָּל וּגְמֻלוֹ יְשַׁלֶּם־לוֹ׃ יַסֵּר בִּנְךָ
19 כִּי־יֵשׁ תִּקְוָה וְאֶל־הֲמִיתוֹ אַל־תִּשָּׂא נַפְשֶׁךָ׃ גְּרָל־חֵמָה
כ נֹשֵׂא עֹנֶשׁ כִּי אִם־תַּצִּיל וְעוֹד תּוֹסִף׃ שְׁמַע עֵצָה וְקַבֵּל
21 מוּסָר לְמַעַן תֶּחְכַּם בְּאַחֲרִיתֶךָ׃ רַבּוֹת מַחֲשָׁבוֹת בְּלֶב־
22 אִישׁ וַעֲצַת יְהוָה הִיא תָקוּם׃ תַּאֲוַת אָדָם חַסְדּוֹ וְטוֹב
23 רָשׁ מֵאִישׁ כָּזָב׃ יִרְאַת יְהוָה לְחַיִּים וְשָׂבֵעַ יָלִין בַּל־יִפָּקֶד
24 רָע׃ טָמַן עָצֵל יָדוֹ בַּצַּלָּחַת גַּם־אֶל־פִּיהוּ לֹא יְשִׁיבֶנָּה׃
כה 26 לֵץ תַּכֶּה וּפֶתִי יַעְרִם וְהוֹכִיחַ לְנָבוֹן יָבִין דָּעַת׃ מְשַׁדֶּד־
27 אָב יַבְרִיחַ אֵם בֵּן מֵבִישׁ וּמַחְפִּיר׃ חֲדַל־בְּנִי לִשְׁמֹעַ
28 מוּסָר לִשְׁגוֹת מֵאִמְרֵי־דָעַת׃ עֵד בְּלִיַּעַל יָלִיץ מִשְׁפָּט וּפִי
29 רְשָׁעִים יְבַלַּע־אָוֶן׃ נָכוֹנוּ לַלֵּצִים שְׁפָטִים וּמַהֲלֻמוֹת
לְגֵו כְּסִילִים׃

כ

2 א לֵץ הַיַּיִן הֹמֶה שֵׁכָר וְכָל־שֹׁגֶה בּוֹ לֹא יֶחְכָּם׃ נַהַם כַּכְּפִיר
3 אֵימַת מֶלֶךְ מִתְעַבְּרוֹ חוֹטֵא נַפְשׁוֹ׃ כָּבוֹד לָאִישׁ שֶׁבֶת
4 מֵרִיב וְכָל־אֱוִיל יִתְגַּלָּע׃ מֵחֹרֶף עָצֵל לֹא יַחֲרֹשׁ יִשְׁאַל
ה בַּקָּצִיר וָאָיִן׃ מַיִם עֲמֻקִּים עֵצָה בְלֶב־אִישׁ וְאִישׁ תְּבוּנָה
6 יִדְלֶנָּה׃ רָב־אָדָם יִקְרָא אִישׁ חַסְדּוֹ וְאִישׁ אֱמוּנִים מִי
7 8 יִמְצָא׃ מִתְהַלֵּךְ בְּתֻמּוֹ צַדִּיק אַשְׁרֵי בָנָיו אַחֲרָיו׃ מֶלֶךְ
9 יוֹשֵׁב עַל־כִּסֵּא־דִין מְזָרֶה בְעֵינָיו כָּל־רָע׃ מִי־יֹאמַר זִכִּיתִי

גֶעפִינֶען גוּטֶעס׃ 9 אַ פַאלְשֶׁער עֵדוּת וֶועט נִיט אוּמְבֶּעשְׁטְרָאפְט בְּלֵייבֶּען, אוּנְד דֶער וָואס זָאגְט לִיגֶען וֶועט פֶערְלוֹירֶען וֶוערֶען׃ 10 עֶס אִיז נִיט שֶׁעהְן פַאר אַ נַאר אַז עֶר זָאל הָאבֶּען אַ תַּעֲנוּג, מִכָּל שֶׁכֵּן פַאר אַ קְנֶעכְט אַז עֶר זָאל גֶעוֶועלְטִיגֶען אִיבֶּער פִירְשְׁטֶען׃ 11 עֶס אִיז דֶעם מֶענְשֶׁענְ׳ס שֵׂכֶל אַז עֶר זָאל דֶערְלֶענְגֶערְן זַיין צָארְן, אוּנְד עֶס אִיז זֵיינֶע הֶערְלִיכְקֵייט אַז עֶר זָאל יֶענֶעם מוֹחֵל זַיין דִיא זִינְד׃ 12 דֶעם מֶלֶךְ׳ס צָארְן אִיז אַזוֹי וִויא דָאס גֶעשְׁרֵייא פוּן אַ יוּנְגֶען לֵייבּ, אָבֶּער זַיין ווָאוֹילְגֶעפַאלֶען אִיז אַזוֹי וִויא דֶער טוֹיא אוֹיף דֶעם גְרָאז׃ 13 אַ נַארִישֶׁער זוּהְן אִיז אַ בְּרֶעכֶענִים צוּ זַיין פָאטֶער, אוּנְד דִיא צַאנְקֶערִישֶׁע פְרוֹיא אִיז אַזוֹי וִויא דִיא בֶּעשְׁטֶענְדִיגֶע טְרָאפֶּען פוּן רֶעגֶען׃ 14 אַ הוֹיז אוּנְד פֶערְמֶעגֶען אִיז דִיא יְרוּשָׁה פוּן עֶלְטֶערְן, אָבֶּער אַ קְלוּגֶע פְרוֹיא אִיז פוּן דֶעם הַאר׃ 15 פוֹילְהֵייט מַאכְט פַאלֶען אִין טִיפֶען שְׁלָאף, אוּנְד אַ פַאלְשׁ נֶפֶשׁ וֶועט מוּזֶען הוּנְגֶערְן׃ 16 דֶער וָואס הִיט דִיא מִצְוָה הִיט זַיין נֶפֶשׁ, אָבֶּער דֶער וָואס אִיז מְבַזֶּה זַיין וֶועג וֶועט שְׁטַארְבֶּען׃ 17 דֶער וָואס דֶערְבַּארְמְט זִיךְ אִיבֶּער דֶעם אָרֶעמֶען בָּארְגְט צוּ דֶעם הַאר, אוּנְד פַאר זַיין גְמִילַת חֶסֶד וֶועט עֶר אִיהְם בֶּעצָאהְלֶען׃ 18 שְׁטְרָאף דֵיין זוּהְן וַוייל עֶס אִיז נָאךְ דָא אַ הָאפְנוּנְג, אָבֶּער דֵיין ווִילֶען זָאל נִיט זַיין אִיהְם צוּ טֶעטֶען׃ 19 אַ מֶענְשׁ פוּן גְרוֹיסֶען צָארְן וֶועט טְרָאגֶען זֵיינֶע שְׁטְרָאף, אָבֶּער וֶוען דוּא וֶועסְט אִיהְם (אֵיינְמָאל) מַצִּיל זַיין אַזוֹי וֶועסְט דוּא עֶס מוּזֶען מֶעהְר טְהוּן׃ 20 הֶער צוּ אַ (גוּטֶע) עֵצָה אוּנְד נֶעם אָן מוּסָר, כְּדֵי דוּא זָאלְסְט קְלוּג זַיין אִין דֵיין עֶנְד׃ 21 פִיל גֶעדַאנְקֶען זֶענֶען אִין דֶעם מֶענְשֶׁענְ׳ס הַארְץ, אָבֶּער דֶעם הַאר׳ס עֵצָה וֶועט בֶּעשְׁטֶעהְן בְּלֵייבֶּען׃ 22 דָאס גְלוּסְטֶען פוּן אַ מֶענְשׁ אִיז (אַזוֹי וִויא) זַיין חֶסֶד, אוּנְד עֶס אִיז בֶּעסֶער צוּ זַיין אַיין אָרֶעמֶער מַאן אַלְס אַ לִיגְנֶער׃ 23 דִיא פָארְכְט פַאר דֶעם הַאר פִיהְרְט צוּם לֶעבֶּען, אוּנְד (דֶער וָואס הָאט דָאס) וֶועט זַאט בְּלֵייבֶּען, אוּנְד קֵיין שׁוּם שְׁלֶעכְטֶעס וֶועט אִיהְם בֶּעזוּכֶען׃ 24 אַ פוֹילֶער מֶענְשׁ בֶּעהַאלְט זֵיינֶע הַאנְד אִין זַיין בּוּזֶעם, אֲפִילוּ דִיא צוּרִיק צוּ בְּרֶענְגֶען צוּ זַיין מוֹיל אִיז עֶר אוֹיךְ צוּ פוֹיל׃ 25 וֶוען דוּא וֶועסְט דֶעם שְׁפֶּעטֶער שְׁלָאגֶען אַזוֹי וֶועט דֶער נַאר קְלוּג וֶוערֶען, אוּנְד וֶוען מֶען שְׁטְרָאפְט דֶעם פֶערְשְׁטֶענְדִיגֶען אַזוֹי וֶועט עֶר פֶערְשְׁטֶעהְן ווִיסֶענְשַׁאפְט׃ 26 דֶער וָואס בֶּערוֹיבְּט זַיין פָאטֶער אוּנְד מַאכְט זֵיינֶע מוּטֶער אַנְטְלוֹיפֶען, אִיז אַ זוּהְן וָואס מַאכְט שַׁאנְד אוּנְד פֶערְשֶׁעהְמְט׃ 27 מֵיין זוּהְן, לָאז אָפּ צוּ הֶערֶען דֶעם מוּסָר וָואס מַאכְט פֶערְאִירֶען פוּן דִיא וֶוערְטֶער פוּן ווִיסֶענְשַׁאפְט׃ 28 אַ שְׁלֶעכְטֶער עֵדוּת שְׁפֶּעט פוּן מִשְׁפָּט, אוּנְד דָאס מוֹיל פוּן דִיא רְשָׁעִים פֶערְשְׁלִינְגֶען אוּמְרֶעכְט׃ 29 מִשְׁפָּטִים זֶענֶען אָנְגֶעבְּרֵייט פַאר דִיא שְׁפֶּעטֶער, אוּנְד שְׁלֶעג פַאר דֶעם רִיקֶען פוּן דִיא נַארוּנִים׃

קאפיטעל כ

1 דֶער (וָואס טְרִינְקְט) וַויין אִיז אַ שְׁפֶּעטֶער, שְׁטַארְקֶע גֶעטְרֶענְק מַאכְט לַארְמֶען, אוּנְד אִיטְלִיכֶער וָואס וֶוערְט דַאדוּרְךְ פֶערְאִירְט אִיז נִיט קְלוּג׃ 2 דִיא פָארְכְט פָאר אַ מֶלֶךְ אִיז אַזוֹי וִויא פַאר אַ גֶעשְׁרֵייא פוּן אַ יוּנְגֶען לֵייבּ, דֶער וָואס דֶערְצָארְנְט אִיהְם זִינְדִיגְט קֶעגֶען זִיךְ אַלֵיין׃ 3 עֶס אִיז אַ כָּבוֹד פַאר אַ מֶענְשׁ אַז עֶר זָאל זִיךְ צוּרִיקְהַאלְטֶען פוּן קְרִיג, אָבֶּער אִיטְלִיכֶער נַאר מִישְׁט זִיךְ אַרֵיין׃ 4 דֶער פוֹילֶער וִויל נִיט אַקֶערְן וַוייל עֶס אִיז קַאלְט, אוּנְד וֶוען עֶר בֶּעגֶעהְרְט (פֵּירוֹת) אִין דֶער שְׁנִיט־צֵייט אַזוֹי זֶענֶען קֵיינֶע דָא׃ 5 אַ גוּטֶע עֵצָה אִין דֶעם מֶענְשֶׁענְ׳ס הַארְץ אִיז אַזוֹי וִויא טִיפֶע וַואסֶער, אָבֶּער אַ פֶערְשְׁטֶענְדִיגֶער מַאן שֶׁעפְּט עֶס אוֹיס׃ 6 דִיא מֵייסְטֶע מֶענְשֶׁען רוּפֶען אוֹיס אִיטְלִיכֶער זַיין אֵייגֶען חֶסֶד, אָבֶּער אַ גֶעטְרֵייעֶר מֶענְשׁ וֶוער קֶען אִיהְם גֶעפִינֶען? 7 וֶוען דֶער צַדִּיק גֶעהְט אַרוּם אִין זֵיינֶע אוֹיפְרִיכְטִיגְקֵייט, גֶעבֶּענְשְׁט זֶענֶען זֵיינֶע קִינְדֶער נָאךְ אִיהְם׃ 8 אַ מֶלֶךְ וָואס זִיצְט אוֹיף דֶעם שְׁטוּל פוּן מִשְׁפָּט צוּשְׁפְּרֵייט אַלֶעס שְׁלֶעכְטֶע מִיט זֵיינֶע

אויגען

לבי טהרתי מחטאתי: אבן ואבן איפה ואיפה תועבת י
11 יהוה גם־שניהם: גם במעלליו יתנכר־נער אם־זך ואם־
12 ישר פעלו: אזן שמעת ועין ראה יהוה עשה גם־שניהם:
13 14 אל־תאהב שנה פן־תורש פקח עיניך שבע־לחם: רע
טו רע יאמר הקונה ואזל לו אז יתהלל: יש זהב ורב־
16 פנינים וכלי יקר שפתי־דעת: לקח־בגדו כי־ערב זר
17 ובעד נכרים חבלהו: ערב לאיש לחם שקר ואחר
18 ימלא־פיהו חצץ: מחשבות בעצה תכון ובתחבלות
19 עשה מלחמה: גולה־סוד הולך רכיל ולפתה שפתיו
כ לא תתערב: מקלל אביו ואמו ידעך נרו באישון חשך:
21 22 נחלה מבחלת בראשונה ואחריתה לא תברך: אל־
23 תאמר אשלמה־רע קוה ליהוה וישע לך: תועבת יהוה
24 אבן ואבן ומאזני מרמה לא־טוב: מיהוה מצעדי־גבר
כה ואדם מה־יבין דרכו: מוקש אדם ילע קדש ואחר
26 נדרים לבקר: מזרה רשעים מלך חכם וישב עליהם
27 28 אופן: נר יהוה נשמת אדם חפש כל־חדרי־בטן: חסד
29 ואמת יצרו־מלך וסעד בחסד כסאו: תפארת בחורים
ל כחם והדר זקנים שיבה: חברות פצע תמריק ברע
ומכות חדרי־בטן:

## כא

כא

א פלגי־מים לב־מלך ביד־יהוה על־כל־אשר יחפץ יטנו:
2 3 כל־דרך איש ישר בעיניו ותכן לבות יהוה: עשה צדקה
4 ומשפט נבחר ליהוה מזבח: רום עינים ורחב־לב נר
ה רשעים חטאת: מחשבות חרוץ אך־למותר וכל־אץ אך־
6 למחסור: פעל אצרות בלשון שקר הבל נדף מבקשי־
7 מות: שד־רשעים יגורם כי מאנו לעשות משפט:
8 9 הפכפך דרך איש וזר וזך ישר פעלו: טוב לשבת על־

אויגען: 9 ווער קען זאגען איך האב מיין הארץ ריין געמאכט, איך בין ריין פון זינד: 10 צווייערלייא געוויכט אונד צווייערלייא מאס, זייא ביידע זענען איינע אומווערדיגקייט פאר דעם האר: 11 אפילו א קינד קען מען דערקענען דורך זיינע מעשים, אויב זיינע ווערק זענען לויטער אדער אויב זייא זענען רעכטשאפען: 12 דאס אויער וואס הערט אונד דאס אויג וואס זעהט, דער האר האט זייא ביידע בעשאפען: 13 ליב ניט צו שלאפען, ווארין טאמער וועסט דוא פעראורעמט ווערען, מאך אויף דיינע אויגען כדי דוא זאלסט זאט ווערען מיט ברויט: 14 עס איז שלעכט, עס איז שלעכט, זאגט דער קויפער, אבער ווען ער געהט אוועק אזוי ריהמט ער זיך: 15 עס איז פערהאנדען גאלד אונד פיל פערל, אבער דאס טייערסטע כלי זענען ליפען פון וויסענשאפט: 16 נעם אוועק זיין קלייד פון דעם וואס איז איין ערב פאר א פרעמדען, אונד א משכון פון דעם וואס איז שולדיג פאר א פרעמד ווייב: 17 דאס ברויט פון פאלשקייט איז זיס צו א מענש, אבער דערנאך ווערט זיין מויל פול מיט קליינע שטיינלעך: 18 דורך איינע עצה ווערען מחשבות אנגעברייט, אונד דורך גוטע איבערלעגונג האלט מלחמה: 19 א הולך רכיל אנטפלעקט א סוד, אונד מיט דעם וואס מאכט ווייט אויף זיינע ליפען זאלסט דוא דיך ניט אריינמישען: 20 דער וואס שעלט זיין פאטער אונד זיינע מוטער דעם ווערט זיין ליכט פערלאשען אין גרויסע פינסטערנים: 21 א נחלה וואס ווערט צוערשט אנגעשאפט אין אייל, דאס וועט אם ענד ניט געבענשט זיין: 22 דוא זאלסט ניט זאגען איך וועל שלעכטעס בעצאהלען, נייערט האף אויף דעם האר, אונד ער וועט דיר העלפען: 23 צווייערלייא געוויכט זענען איינע אומווערדיגקייט צו דעם האר, אונד פאלשע וואג־שאלען זענען ניט גוט: 24 דיא טריט פון א מענש זענען (בעשטימט) פון דעם האר, אבער וועלכער מענש פערשטעהט זיין אייגענעם וועג? 25 עס איז א שטרויכלונג פאר א מענש דאס היילינע צו פערשלינגען, אונד נאך נדרים צו פארשען: 26 א קלוגער מלך צו־שטרייעט דיא רשעים, אונד ער ברענגט איבער זייא א ראד: 27 א ליכט פון דעם האר איז דיא נשמה פון דעם מענש, וואס זוכט אויס אלע חדרים פון דעם לייב: 28 חסד אונד אמת בעהיטען דעם מלך, אונד דורך חסד איז זיין טרויז־שטול אונטערגעלעהנט: 29 דיא הערליכקייט פון יונגע לייט איז זייער כח, אבער דיא שעהנהייט פון אלטע לייט איז זיירע גרויע האר: 30 ביילען אונד וואונדען זענען א ריינינונג פאר דעם שלעכטען, אזוי אויך מכות אינעווענינ פון דעם לייב:

## קאפיטעל כא

1 דאס הארץ פון א מלך איז אין דיא האנד פון דעם האר אזוי וויא וואסער־טייכען, וואס ער נייגט אהין אלערטוועגען וואו ער וויל: 2 איטליכער וועג פון א מענש איז רעכט אין זיינע אייגענע אויגען, אבער דער האר וועגט אפ דיא הערצער: 3 צו טהון גע־רעכטיגקייט אונד רעכט איז בעסער צו דעם האר וויא קרבנות: 4 הויכע אויגען אונד א שטאלץ הארץ, אונד דאס ליכט פון דיא רשעים (אלע) זענען זינד: 5 דיא געדאנקען פון דעם פלייסיגען פיהרט נאר צו דעם איבערפלוס, אבער דער וואס איז איילינ דעם פעהלט עס נאר: 6 דער וואס ארבייט פאר אוצרות דורך א פאלשע צונג, איז א פערשטויסענע נארישקייט פון דיא רויבערייא וואס זוכען דעם טויט: 7 דיא רויבערייא פון דיא רשעים וועט זייא פערטילגען, ווייל זייא ווילען ניט טהון קיין משפט: 8 דער וועג פון דעם מענש וואס איז פערפרעמד איז אין גאנצען פערקעהרט, אבער א לויטערער (מאן) איז רעכטפארטיג אין

י פנת־גג מאשת מדונים ובית חבר: נפש רשע אותה־
11 רע לא־יחן בעיניו רעהו: בענש־לץ יחכם־פתי ובהשכיל
12 לחכם יקח דעת: משכיל צדיק לבית רשע מסלף
13 רשעים לרע: אטם אזנו מזעקת־דל גם־הוא יקרא ולא
14 יענה: מתן בסתר יכפה־אף ושחד בחק חמה עזה:
טו 16 שמחה לצדיק עשות משפט ומחתה לפעלי און: אדם
17 תועה מדרך השכל בקהל רפאים ינוח: איש מחסור
18 אהב שמחה אהב יין־ושמן לא יעשיר: כפר לצדיק
19 רשע ותחת ישרים בוגד: טוב שבת בארץ־מדבר
כ מאשת מדונים וכעס: אוצר | נחמד ושמן בנוה חכם
21 וכסיל אדם יבלענו: רדף צדקה וחסד ימצא חיים
22 צדקה וכבוד: עיר גברים עלה חכם וירד עז
23 24 מבטחה: שמר פיו ולשונו שמר מצרות נפשו: זד יהיר
כה לץ שמו עושה בעברת זדון: תאות עצל תמיתנו כי־
26 מאנו ידיו לעשות: כל־היום התאוה תאוה וצדיק יתן
27 ולא יחשך: זבח רשעים תועבה אף כי־בזמה יביאנו:
28 29 עד־כזבים יאבד ואיש שומע לנצח ידבר: העז איש
ל רשע בפניו וישר הוא | יכין דרכיו: אין חכמה ואין
31 תבונה ואין עצה לנגד יהוה: סוס מוכן ליום מלחמה
וליהוה התשועה:

# כב כב

2 א נבחר שם מעשר רב מכסף ומזהב חן טוב: עשיר
3 ורש נפגשו עשה כלם יהוה: ערום | ראה רעה ויסתר
4 ופתיים עברו ונענשו: עקב ענוה יראת יהוה עשר וכבוד
ה וחיים: צנים פחים בדרך עקש שומר נפשו ירחק מהם:
6 חנך לנער על־פי דרכו גם כי־יזקין לא־יסור ממנה:
7 8 עשיר ברשים ימשול ועבד לוה לאיש מלוה: זורע

זיין ווערק: 9 עס איז בעסער צו וואוינען אין א ווינקעל פון דאך, איידער מיט א צאנקערישען ווייב אין א (גרויסען) ברייטען הויז: 10 דאס נפש פון דעם רשע גלוסט נאר שלעכטעס, זיין חבר האט קיין חן אין זיינע אויגען: 11 ווען דער שפעטער ווערט בעשטראפט אזוי ווערט דער נאר קלוג, אונד ווען ער בעטראכט דעם חכם אזוי נעמט ער אן וויסענשאפט: 12 דער צדיק בעטראכט גוט דאס הויז פון דעם רשע, אבער (גאט) ווארפט אום דיא רשעים צום בייזען: 13 דער וואס פערשטאפט זיינע אויערן פון דעם געשרייא פון דעם ארעמען, אזוי וועט מען איהם אויך ניט ענטפערן ווען ער וועט רופען: 14 א מתנה אים פערבארגענעם נייגט אפ צארן, אונד שחד אין דעם בוזעם ברענגט א שטארקען צארן: 15 עס איז א פרייד פאר דעם צדיק רעכט צו טהון, אבער דיא וואס טהוען אומרעכט וועלען פערשניטען ווערען: 16 א מענש וועלכער פעראירט זיך פון דעם פערשטענדיגען וועג, וועט רוהען אין דער פערזאמלונג פון דיא טויטע: 17 א מענש וואס ליבט (תמיד) שמחה דעם וועט עס פעהלען, דער וואס ליבט וויין אונד עהל דער וועט ניט רייך זיין: 18 דער רשע וועט זיין א כפרה פאר דעם צדיק, אונד דער פאלשער אנשטאט דעם רעכטפארטיגען: 19 עס איז בעסער צו וואוינען אין דער מדבר איידער מיט א ווייב וואס איז צאנקעריש אונד צארניג: 20 אין דער וואוינונג פון דעם חכם איז (תמיד) א גלוסטיגער אוצר אונד עהל, אבער דער נארישער מענש שלינגט עס באלד איין: 21 דער וואס יאגט נאך גערעכטיגקייט אונד חסד, וועט געפינען לעבען גערעכטיגקייט אונד כבוד: 22 א חכם געהט ארויף אין דיא שטאט פון דיא גבורים, אונד ער ברענגט ארופ דעם שטארקען בטחון דערפון: 23 דער וואס היט זיין מויל אונד זיינע צונג, דער היט זיין נפש פון צרות: 24 א שטאלצער אונד א מוטהוויליגער, זיין נאמען איז שפעטער (לץ), ער טהוט אלעס מיט מוטהוויליגען צארן: 25 וואס דעם פוילען גלוסט דאס טהוט איהם טעטען, ווארין ער וויל ניט ארבייטען מיט זיינע הענד: 26 דעם גאנצען טאג גלוסט איהם א גלוסטונג, אבער דער צדיק הערט ניט אויף צו געבען: 27 דאס קרבן פון דיא רשעים איז איינע אומווירדיגקייט, מכל־שכן ווען זייא ברענגען עס מיט שלעכטע געדאנקען: 28 א פאלשער עדות וועט פערלוירען ווערען, אבער דער וואס הערט וועט אימער רעדען: 29 דער רשע איז איין עזות פנים, אבער א רעכטפארטיגער מאן פערשטעהט זיין וועג: 30 עס איז ניט דא קיין חכמה, אונד קיין פערשטאנד, אונד קיינע עצה אנטקעגען דעם האר: 31 דאס פערד איז אנגעברייט אויף דעם טאג פון דער מלחמה, אבער דיא הילף איז פון דעם האר:

## קאפיטעל כב

1 א גוטער נאמען איז בעסער אויסצודערוועהלען וויא פיל רייכטום, אונד א גוטער חן בעסער וויא גאלד אונד זילבער: 2 דער עשיר אונד דער ארעמער בעגעגנען זיך צוזאמען, אבער דער האר איז דער בעשעפער פון אלע: 3 דער קלוגער זעהט דאס שלעכטע (קומען), אונד פערבארגט זיך, אבער דיא נארישע געהען פערבייא אונד זייא ווערען געשטראפט: 4 וועגען ענוה איז דיא פארכט פון דעם האר, רייכטום, כבוד אונד לעבען: 5 דערנער אונד נעצען זענען אויף דעם פערקרימטען וועג, דער וואס היט זיין נפש וועט זיך פון זייא דערווייטערן: 6 געוועהן דעם יונג זיין וועג וואס ער זאל געהן, אפילו ווען ער וועט אלט ווערען וועט ער זיך ניט פון איהם אפקעהרען: 7 דער רייכער געוועלטיגט איבער דעם ארעמען, אונד דער וואס בארגט איז א קנעכט צו דעם וואס לייעט: 8 דער וואס

זייעט

עֽוֹלָה יִקְצָור־אָוֶן וְשֵׁבֶט עֶבְרָתוֹ יִכְלֶֽה׃ טֽוֹב־עַיִן הוּא 9
יְבֹרָךְ כִּֽי־נָתַן מִלַּחְמוֹ לַדָּֽל׃ גָּרֵשׁ לֵץ וְיֵצֵא מָדוֹן וְיִשְׁבֹּת י
דִּין וְקָלֽוֹן׃ אֹהֵב טְהָור־לֵב חֵן שְׂפָתָיו רֵעֵהוּ מֶֽלֶךְ׃ עֵינֵי 11 12
יְהוָה נָצְרוּ דָעַת וַיְסַלֵּף דִּבְרֵי בֹגֵֽד׃ אָמַר עָצֵל אֲרִי 13
בַחוּץ בְּתוֹךְ רְחֹבוֹת אֵרָצֵֽחַ׃ שׁוּחָה עֲמֻקָּה פִּי זָרוֹת זְעוּם 14
יְהוָה יִפָּול־שָֽׁם׃ אִוֶּלֶת קְשׁוּרָה בְלֶב־נָעַר שֵׁבֶט מוּסָר טו
יַרְחִיקֶנָּה מִמֶּֽנּוּ׃ עֹשֵׁק דָּל לְהַרְבּוֹת לוֹ נֹתֵן לְעָשִׁיר אַךְ 16
לְמַחְסֽוֹר׃ הַט אָזְנְךָ וּשְׁמַע דִּבְרֵי חֲכָמִים וְלִבְּךָ תָּשִׁית 17
לְדַעְתִּֽי׃ כִּֽי־נָעִים כִּֽי־תִשְׁמְרֵם בְּבִטְנֶךָ יִכֹּנוּ יַחְדָּו עַל־ 18
שְׂפָתֶֽיךָ׃ לִהְיוֹת בַּֽיהוָה מִבְטַחֶךָ הוֹדַעְתִּיךָ הַיּוֹם אַף־ 19
אָֽתָּה׃ הֲלֹא כָתַבְתִּי לְךָ שָׁלִשׁוֹם בְּמוֹעֵצוֹת וָדָֽעַת׃ לְהוֹדִֽיעֲךָ כ 21
קֹשְׁטְ אִמְרֵי אֱמֶת לְהָשִׁיב אֲמָרִים אֱמֶת לְשֹׁלְחֶֽיךָ׃
אַל־תִּגְזָל־דָּל כִּי דַל־הוּא וְאַל־תְּדַכֵּא עָנִי בַשָּֽׁעַר׃ כִּֽי־ 22 23
יְהוָה יָרִיב רִיבָם וְקָבַע אֶת־קֹבְעֵיהֶם נָֽפֶשׁ׃ אַל־תִּתְרַע 24
אֶת־בַּעַל אָף וְאֶת־אִישׁ חֵמוֹת לֹא תָבֽוֹא׃ פֶּן־תֶּאֱלַף כה
אֹרְחֹתָו וְלָקַחְתָּ מוֹקֵשׁ לְנַפְשֶֽׁךָ׃ אַל־תְּהִי בְתֹקְעֵי־כָף 26
בַּעֹרְבִים מַשָּׁאֽוֹת׃ אִם־אֵין־לְךָ לְשַׁלֵּם לָמָּה יִקַּח מִשְׁכָּבְךָ 27
מִתַּחְתֶּֽיךָ׃ אַל־תַּסֵּג גְּבוּל עוֹלָם אֲשֶׁר עָשׂוּ אֲבוֹתֶֽיךָ׃ חָזִיתָ 28 29
אִישׁ ׀ מָהִיר בִּמְלַאכְתּוֹ לִֽפְנֵי־מְלָכִים יִתְיַצָּב בַּל־יִתְיַצֵּב
לִפְנֵי חֲשֻׁכִּֽים׃

## כג

כג

כִּֽי־תֵשֵׁב לִלְחוֹם אֶת־מוֹשֵׁל בִּין תָּבִין אֶת־אֲשֶׁר לְפָנֶֽיךָ׃ א
וְשַׂמְתָּ שַׂכִּין בְּלֹעֶךָ אִם־בַּעַל נֶפֶשׁ אָֽתָּה׃ אַל־תִּתְאָו 2 3
לְמַטְעַמּוֹתָיו וְהוּא לֶחֶם כְּזָבִֽים׃ אַל־תִּיגַע לְהַעֲשִׁיר 4
מִבִּינָתְךָ חֲדָֽל׃ הֲתָעוּף עֵינֶיךָ בּוֹ וְאֵינֶנּוּ כִּי עָשֹׂה יַעֲשֶׂה־ ה
לוֹ כְנָפַיִם כְּנֶשֶׁר וְעָיף הַשָּׁמָֽיִם׃ אַל־תִּלְחַם אֶת־לֶחֶם 6
רַע עָיִן וְאַל־תִּתְאָו לְמַטְעַמֹּתָֽיו׃ כִּי ׀ כְּמוֹ־שָׁעַר בְּנַפְשׁוֹ 7

זייעט אוים אומרעכט דער שנייט אויך
אומרעכט, אונד דיא רוט פון זיין גרימצארן
וועט פערלענט ווערען: 9 דער וואס האט
א גוט אויג וועט געבענשט ווערען, ווארין
ער געט פון זיין ברויט צו דעם ארעמען
מאן: 10 פערטרייב דעם שפעטער אזוי
וועט דער קריג ארויסגעהן, אונד דער
שטרייט אונד שאנד וועט אויפהערען:
11 דער וואס ליבט מיט א ריין הארץ, אונד
האט חן אין זיינע ליפען, דער איז א פריינד
פון דעם מלך: 12 דיא אויגען פום האר
היטען וויסענשאפט, אבער ער פערקרימט
דיא ווערטער פון דעם וואס פעלשט:
13 דער פוילער זאגט, דרויסען איז א לייב,
אונד אין מיטען גאס וועל איך דערשלא־
גען ווערען: 14 דאס מויל פון א פרעמדע
(פרויא) איז וויא א טיפע גרוב, ווער עס איז
פון דעם האר פערצארנט דער פאלט
דארט אריין: 15 נארישקייט איז אנגע־
קניפט אין דעם הארץ פון א יונג, אבער
דיא שטראף־רוט וועט איהם דערפון דער־
ווייטערן: 16 דער וואס אונטערדריקט
דעם ארעמען כדי זיך צו פערמעהרען,
אונד וואס געט צו דעם רייכען דעם וועט
געווים פעהלען: 17 נייג דיין אויער אונד הער צו דיא ווערטער פון דיא חכמים, אונד טהוא
דיין הארץ צו מיינע וויסענשאפט: 18 ווארין עס איז איינע אנגענעמע זאך ווען דוא
וועסט זייא היטען אין דיין לייב, זייא וועלען זיין אנגעברייט צוזאמען אויף דיינע ליפען:
19 כדי דיינע פערזיכערונג זאל זיין אויף דעם האר, האב איך עס דיר היינט געלאזט וויסען,
גראד דיר: 20 האב איך ניט צו דיר געשריבען דרייא־פאכעדיג דורך (גוטע) עצות אונד
וויסענשאפט? 21 כדי דיך צו מאכען וויסען דיא געוויסהייט פון דיא אמת׳ע ווערטער, אז
דוא זאלסט קענען ענטפערן אמת׳ע ווערטער צו דיא וואס האבען צו דיר געשיקט: 22 דוא
זאלסט ניט בעגזלן דעם ארעמען ווייל ער איז ארעם, אונד דוא זאלסט ניט דעם עלענדען
צושטויסען אין דעם טויער: 23 ווארין דער האר וועט קריגען זייער קריג, אונד ער וועט
צושאנדען מאכען דאס נפש פון זיירע רויבערס: 24 דוא זאלסט דיך ניט צוגעזעלען מיט
א צארניגען מענש, אונד מיט א גרימצארניגען מענש זאלסט דוא ניט צוזאמענקומען:
25 ווארין טאמער וועסט דוא דיך אפלערנען פון זיינע וועג, אונד דוא וועסט צו דיר אליין
נעמען א שטרויכלונג: 26 דוא זאלסט ניט זיין צווישען דיא וואס געבען תקיעת כף, אדער
צווישען דיא וואס זענען ערב פאר שולדען: 27 ווארין ווען דוא האסט ניט צו בעצאלען,
פארוואס זאל מען דיר אוועקנעמען דיין בעט פון אונטער דיר? 28 דוא זאלסט ניט אוועק־
ריקען דיא אלטע גרענעץ וואס דיינע אבות האבען געמאכט: 29 זעהסט דוא א מענש
פלייסיג אין זיינע מלאכה? זאלכער וועט פארגעשטעלט ווערען פאר מלכים, ער וועט
ניט פארגעשטעלט ווערען פאר געמיינע לייט:

## קאפיטעל כג

1 ווען דוא טהוסט דיך זעצען צו עסען מיט א געוועלטיגען, אזוי זאלסט דוא פערשטעהן
ווער עס איז פאר דיר: 2 אונד דוא זאלסט ליבער דאס מעסער אן דיינע קעהלע טהון,
ווען דוא ביזט א מענש פון א גרויסען אפעטיט: 3 דוא זאלסט ניט גלוסטען צו זיינע
גוטע שפייז, ווארין עס איז שפייז פון ליגען: 4 דוא זאלסט דיך ניט בעמיהען רייך צו
ווערען, הער אויף פון דיין אייגענעם פערשטאנד: 5 ווילסט דוא דיינע אויגען טהון
אויף א זאך וואס איז ניט פערהאנדען? ווארין רייכטום מאכט זיך פליגעל אזוי וויא
פון איין אדלער אונד פליהט אוועק געגען דעם הימעל: 6 עס ניט דאס ברויט פון
דעם וואס האט א שלעכט אויג, אונד דוא זאלסט ניט גלוסטען צו זיינע גוטע שפייז:
7 ווארין אזוי וויא ער דענקט אין זיך, אזוי איז ער, עס אונד טרינק, זאגט ער

8 כִּי־הוּא אֱכוֹל וּשְׁתֵה יֹאמַר לָךְ וְלִבּוֹ בַּל־עִמָּךְ׃ פִּתְּךָ־
9 אָכַלְתָּ תְקִיאֶנָּה וְשִׁחַתָּ דְּבָרֶיךָ הַנְּעִימִים׃ בְּאָזְנֵי כְסִיל
י אַל־תְּדַבֵּר כִּי־יָבוּז לְשֵׂכֶל מִלֶּיךָ׃ אַל־תַּסֵּג גְּבוּל עוֹלָם
11 וּבִשְׂדֵי יְתוֹמִים אַל־תָּבֹא׃ כִּי־גֹאֲלָם חָזָק הוּא־יָרִיב אֶת־
12 רִיבָם אִתָּךְ׃ הָבִיאָה לַמּוּסָר לִבֶּךָ וְאָזְנֶךָ לְאִמְרֵי־דָעַת׃
13 14 אַל־תִּמְנַע מִנַּעַר מוּסָר כִּי־תַכֶּנּוּ בַשֵּׁבֶט לֹא יָמוּת׃ אַתָּה
טו בַּשֵּׁבֶט תַּכֶּנּוּ וְנַפְשׁוֹ מִשְּׁאוֹל תַּצִּיל׃ בְּנִי אִם־חָכַם לִבֶּךָ
16 יִשְׂמַח לִבִּי גַם־אָנִי׃ וְתַעְלֹזְנָה כִלְיוֹתָי בְּדַבֵּר שְׂפָתֶיךָ
17 מֵישָׁרִים׃ אַל־יְקַנֵּא לִבְּךָ בַּחַטָּאִים כִּי אִם־בְּיִרְאַת יְהוָה
18 19 כָּל־הַיּוֹם׃ כִּי אִם־יֵשׁ אַחֲרִית וְתִקְוָתְךָ לֹא תִכָּרֵת׃ שְׁמַע־
כ אַתָּה בְנִי וַחֲכָם וְאַשֵּׁר בַּדֶּרֶךְ לִבֶּךָ׃ אַל־תְּהִי בְסֹבְאֵי־יָיִן
21 בְּזֹלְלֵי בָשָׂר לָמוֹ׃ כִּי־סֹבֵא וְזוֹלֵל יִוָּרֵשׁ וּקְרָעִים תַּלְבִּישׁ
22 נוּמָה׃ שְׁמַע לְאָבִיךָ זֶה יְלָדֶךָ וְאַל־תָּבוּז כִּי־זָקְנָה אִמֶּךָ׃
23 24 אֱמֶת קְנֵה וְאַל־תִּמְכֹּר חָכְמָה וּמוּסָר וּבִינָה׃ גּוֹל יָגוֹל
כה אֲבִי צַדִּיק יוֹלֵד חָכָם וְיִשְׂמַח־בּוֹ׃ יִשְׂמַח־אָבִיךָ וְאִמֶּךָ
26 וְתָגֵל יוֹלַדְתֶּךָ׃ תְּנָה־בְנִי לִבְּךָ לִי וְעֵינֶיךָ דְּרָכַי תִּרֹצְנָה׃
27 28 כִּי־שׁוּחָה עֲמֻקָּה זוֹנָה וּבְאֵר צָרָה נָכְרִיָּה׃ אַף־הִיא
29 כְּחֶתֶף תֶּאֱרֹב וּבוֹגְדִים בְּאָדָם תּוֹסִף׃ לְמִי־אוֹי ׀ לְמִי אֲבוֹי
לְמִי מִדְוָנִים ׀ לְמִי־שִׂיחַ לְמִי פְּצָעִים חִנָּם לְמִי חַכְלִלוּת
ל 31 עֵינָיִם׃ לַמְאַחֲרִים עַל־הַיָּיִן לַבָּאִים לַחְקֹר מִמְסָךְ׃ אַל־
תֵּרֶא יַיִן כִּי יִתְאַדָּם כִּי־יִתֵּן בַּכּוֹס עֵינוֹ יִתְהַלֵּךְ בְּמֵישָׁרִים׃
32 33 אַחֲרִיתוֹ כְּנָחָשׁ יִשָּׁךְ וּכְצִפְעֹנִי יַפְרִשׁ׃ עֵינֶיךָ יִרְאוּ זָרוֹת
34 וְלִבְּךָ יְדַבֵּר תַּהְפֻּכוֹת׃ וְהָיִיתָ כְּשֹׁכֵב בְּלֶב־יָם וּכְשֹׁכֵב
לה בְּרֹאשׁ חִבֵּל׃ הִכּוּנִי בַל־חָלִיתִי הֲלָמוּנִי בַּל־יָדָעְתִּי מָתַי
אָקִיץ אוֹסִיף אֲבַקְשֶׁנּוּ עוֹד׃

## כד כד

א 2 אַל־תְּקַנֵּא בְּאַנְשֵׁי רָעָה וְאַל־תִּתְאָו לִהְיוֹת אִתָּם׃ כִּי־שֹׁד

צו דיר, אָבער אין זיין הארץ איז ער ניט
מיט דיר: 8 דאָס שטיקעלע וואָס דו
האסט געגעסען וועסט דו אויסשפּייען,
אונד דו וועסט דיינע זיסע ווערטער
פערלירען: 9 אין די אויערען פון א נאר
זאָלסט דו ניט רעדען, וואָרין ער וועט
מבזה זיין דיינע קלוגע רייד: 10 דו זאָלסט
ניט אַוועקריקען די אַלטע גרענעץ, אונד
אויף דעם פעלד פון יתומים זאָלסט דו
ניט קומען: 11 וואָרין זייער דערלעזער
איז שטאַרק, ער וועט מיט דיר קריגען
זייער קריג: 12 לאָז מוסר אַריינקומען
אין דיין הארץ, אונד אין דיינע אויערען
די ווערטער פון וויסענשאַפט: 13 פער־
מייד ניט שטראָף פון דעם יונג, וואָרין ווען
דו וועסט איהם אפילו שלאָגען מיט די
רוט, אַזוי וועט ער דאָך ניט שטאַרבען:
14 דו זאָלסט איהם שלאָגען מיט די
רוט, אונד דו זאָלסט איהם מציל זיין פון
דעם שאול: 15 מיין זוהן, ווען דיין הארץ
איז קלוג אַזוי פרייט זיך אויך מיין אייגען
הארץ: 16 יאָ, אפילו מיינע נירען וועלען
זיך פרייען, ווען מיינע ליפּען רעדען
רעכטפאַרטיגעס: 17 לאָז דיין הארץ ניט
מקנא זיין די זינדער, נייערט דו זאָלסט זיין אין די פאָרכט פון דעם האר דעם
גאַנצען טאָג: 18 וואָרין עס איז פערהאַנדען איין ענד, אונד דיינע האָפנונג וועט ניט
אָפּגעשניטען ווערען: 19 אָבער דו מיין זוהן, הער צו אונד זייא קלוג, אונד פיהר דיין
הארץ אויף דיין גראַדען וועג: 20 דו זאָלסט ניט זיין צווישען די וויין זויפערס, אונד די
פלייש פרעסער'ס: 21 וואָרין א זולל וסובא וועט פעראָרעמט ווערען, אונד צוריסענע
קליידער וועט דיך אָנקליידען ווען דו וועסט דרומלען: 22 הער צו דיין פאָטער וואָס האָט
דיך געבוירען, אונד דו זאָלסט ניט מבזה זיין דיינע מוטער ווען זיא איז אַלט: 23 קויף דיר
דעם אמת אונד פערקויף איהם ניט, אויך חכמה, מוסר אונד פערשטאַנד: 24 דער פאָטער
פון דעם צדיק וועט זיך זעהר פרייען, אונד דער וואָס געווינט א קלוגע קינד אַזוי פרייט
ער זיך מיט איהם: 25 דיין פאָטער אונד דיינע מוטער וועלען זיך פרייען, אונד די וואָס
האָט דיך געבוירען וועט זיך פרייען: 26 מיין זוהן גיב צו מיר דיין הארץ, אַזוי וועלען
דיינע אויגען היטען מיינע וועגען: 27 וואָרין א זונה איז אַ טיפע זומפּ, אונד אַ פרעמד
ווייב איז איינע ענגע גרוב: 28 וואָרין זיא טהוט אויך לויערען אַזוי וויא אַ רויבער, אונד
זיא פערמעהרט פאַלשהייט אונטער די מענשען: 29 צו וועמען איז וועה? צו וועמען
איז אַ קלאָג? אונד צו וועמען איז קריגעריי? אונד צו וועמען איז אומזוסטע רייד?
אונד צו וועמען זענען וואונדען אומזוסט? צו וועמען זענען רויטע אויגען? 30 צו די
וואָס זוימען זיך לאַנג ביי דעם וויין, צו די וואָס קומען צו זוכען געמישטען וויין:
31 דו זאָלסט ניט אָנקוקען דעם וויין ווייל ער איז רויט, וואָרין ער גיט זיינע פאַרב צו
דעם כוס ווען עס געהט רעכט אַרום: 32 צום סוף בייסט ער וויא אַ שלאַנג, אונד גלייך וויא
אַ גיפטיגע שלאַנג שטעכט עס: 33 (אז) דיינע אויגען זאָלען זעהען פרעמדע
ווייבער, אונד דיין הארץ וועט רעדען פערקעהרטע זאַכען: 34 אונד דו וועסט
זיין אַזוי וויא איינער וואָס ליגט אין מיטען פון דעם ים, אונד אַזוי וויא דער וואָס
ליגט אויף דער שפּיץ פון אַ זעגעל בוים: 35 זייא האָבען מיך געשלאָגען, אָבער
איך בין ניט קראַנק געוואָרען, זייא האָבען מיך געקלאַפּט אונד איך האָב ניט געוואוסט,
ווען וועל איך מיך אויפוועקען? איך וועל עס נאָכאַמאָל זוכען:

## קאפיטעל כד

1 דו זאָלסט ניט מקנא זיין די שלעכטע מענשען, אונד דו זאָלסט ניט גלוסטען
מיט זייא צו זיין: 2 וואָרין זייער הארץ טראַכט נאָר צושטערונג, אונד פון

מידיגקייט

3 יהגה לבם ועמל שפתיהם תדברנה: בחכמה יבנה
4 בית ובתבונה יתכונן: ובדעת חדרים ימלאו כל־הון
ה 6 יקר ונעים: גבר־חכם בעוז ואיש־דעת מאמץ־כח: כי
בתחבלות תעשה־לך מלחמה ותשועה ברב יועץ:
7 8 ראמות לאויל חכמות בשער לא יפתח־פיהו: מחשב
9 להרע לו בעל־מזמות יקראו: זמת אולת חטאת ותועבת
י 11 לאדם לץ: התרפית ביום צרה צר כחכה: הצל
12 לקחים למות ומטים להרג אם־תחשוך: כי־תאמר הן
לא־ידענו זה הלא־תכן לבות ׀ הוא־יבין ונצר נפשך הוא
13 ידע והשיב לאדם כפעלו: אכל־בני דבש כי־טוב ונפת
14 מתוק על־חכך: כן ׀ דעה חכמה לנפשך אם־מצאת
טו ויש אחרית ותקותך לא תכרת: אל־תארב רשע לנוה
16 צדיק אל־תשדד רבצו: כי שבע ׀ יפול צדיק וקם
17 ורשעים יכשלו ברעה: בנפל אויביך אל־תשמח ובכשלו
18 אל־יגל לבך: פן־יראה יהוה ורע בעיניו והשיב מעליו
19 כ אפו: אל־תתחר במרעים אל־תקנא ברשעים: כי ׀
21 לא־תהיה אחרית לרע נר רשעים ידעך: ירא־את־יהוה
22 בני ומלך עם־שונים אל־תתערב: כי־פתאם יקום אידם
23 ופיד שניהם מי יודע: גם־אלה לחכמים הכר־פנים
24 במשפט בל־טוב: אמר ׀ לרשע צדיק אתה יקבהו עמים
כה יזעמוהו לאמים: ולמוכיחים ינעם ועליהם תבוא ברכת־
26 27 טוב: שפתים ישק משיב דברים נכחים: הכן בחוץ ׀
28 מלאכתך ועתדה בשדה לך אחר ובנית ביתך: אל־תהי
29 עד־חנם ברעך והפתית בשפתיך: אל־תאמר כאשר
ל עשה־לי כן אעשה־לו אשיב לאיש כפעלו: על־שדה
31 איש־עצל עברתי ועל־כרם אדם חסר־לב: והנה עלה
כלו ׀ קמשונים כסו פניו חרלים וגדר אבניו נהרסה:

מידיגקייט רעדען זייערע ליפּען: 3 דורך
חכמה ווערט אַ הויז אויפגעבויעט, אונד
דורך פערשטאַנד האָט עס אַ קיום:
4 אונד דורך וויסענשאַפט מאַכט מען דיא
חדרים פול אַלערלייא טייערע אונד ליב־
ליכע רייכקייטען: 5 אַ קלוגער מאַן איז
תמיד שטאַרק, אונד אַ וויסענשאַפטליכער
מענש ווערט אימער שטאַרקער: 6 וואָרין
דורך קלוגע עצות וועסט דוא האַלטען
דיינע מלחמה, אונד הילף וועט זיין דורך
פיל גוטע עצות: 7 קלוגהייט איז הויך
פאַר אַ נאַר, אין דעם טויער מאַכט ער
(אויך) ניט אויף זיין מויל: 8 דער וואָס
טראַכט אויס שלעכטעס, דעם וועט מען
אָנרופען, אַ מענש מיט שלעכטע מחשבות:
9 דיא נאַרישע געדאַנקען זענען זינד, אונד
אַ שפּעטער איז איינע אומווערדיגקייט צו
מענשען: 10 ווען דוא האָסט דיך שלאַף
געמאַכט אין דעם טאָג פון ענגשאַפט, אַזוי
מוז דיין כח ענג זיין: 11 ווען דוא פער־
מיידסט מציל צו זיין דיא וואָס זענען
אַוועקגענומען צום טויט, אונד זאָלכע וואָס
זענען נאָהענט געהרגעט צו ווערען:
12 ווען דוא וועסט זאָגען, זעה, מיר האָבען דאָס דאָזיגע ניט געוואוסט, זאָל ניט דער וואָס
וועגט דיא האַרצער עס בעטראַכטען? אונד דער וואָס היט דיין נפש זאָל ער עס ניט
וויסען? אונד זאָל ער ניט איטליכען מענש צוריקגעבען נאָך זיינע מעשים? 13 מיין זוהן,
עס האָניג ווייל עס איז גוט, אונד דער האָניג־זיים איז זיס צו דיין גומען: 14 אַזוי וועט
דיא וויסענשאַפט פון חכמה זיין צו דיין נפש, ווען דוא האָסט זיא געפונען, אַזוי וועט אַ
גוטער סוף פערהאַנדען זיין, אונד דיינע האָפנונג וועט ניט אָפּגעשניטען ווערען: 15 אוי
דוא רשע זאָלסט ניט לויערען אויף דיא וואוינונג פון דעם צדיק, דוא זאָלסט ניט בערויבען
זיינע רוהונג: 16 האָטשע דער צדיק פאַלט זיבען מאָל דאָך וועט ער ווידער אויפשטעהן,
אָבער דיא רשעים וועלען שטרויכלען אין דעם שלעכטען: 17 ווען דיין פיינד פאַלט אַזוי
זאָלסט דוא דיך ניט פרייען, אונד ווען ער שטרויכעלט אַזוי זאָל ניט דיין האַרץ פרעהליך
זיין: 18 וואָרין טאָמער וועט עס דער האַר זעהען אונד עס וועט זיין שלעכט אין זיינע
אויגען, אונד ער וועט אומקעהרען פון איהם זיין צאָרן: 19 דערצאָרן דיך ניט איבער דיא
שלעכטע, זייא דיך ניט מקנא איבער דיא רשעים: 20 וואָרין עס וועט ניט זיין אַ גוטעס
ענד צו דעם שלעכטען מענש, דאָס ליכט פון דיא רשעים וועט אויסגעלאָשען ווערען:
21 מיין זוהן, פאָרכט דעם האַר אונד דעם מלך, מיט דיא וואָס פערענדערן זאָלסט דוא
דיך ניט מישען: 22 וואָרין פּלעצליך וועט זייער אומגליק אויפשטעהן, אונד ווער ווייסט
(וויא געשווינד) דער בראָך פון זייא ביידע וועט זיין: 23 אויך דיא דאָזיגע זאַכען געהערען
צו דיא חכמים—צו דערקענען אַ פּנים אין דעם משפט איז ניט גוט: 24 דער וואָס
זאָגט צו דעם רשע דוא ביזט אַ צדיק דעם וועלען דיא פעלקער שעלטען, אונד ער וועט
פערשאָלטען ווערען פון פעלקערשאַפטען: 25 אָבער צו דיא וואָס שטראָפען איהם
איז עס אָנגענעהם, אונד אויף זייא וועט קומען אַ גוטע ברכה: 26 דיא ליפּען וועלען
געקושט ווערען פון דעם וואָס געט צוריק רעכטע ווערטער: 27 בערייט אָן דיינע אַרבייט
דרויסען, אונד מאַך דיר עס גוט פערטיג אויף דעם פעלד, דערנאָך זאָלסט דוא דיר בויען
דיין הויז: 28 דוא זאָלסט ניט זיין איין עדות אָהן אורזאַך געגען דיין חבר, אונד דוא זאָלסט
ניט בעטריגען מיט דיינע ליפּען: 29 דוא זאָלסט ניט זאָגען אַזוי וויא ער האָט צו מיר געטהון
אַזוי וועל איך צו איהם טהון, איך וועל צוריקקעהרען צו איטליכען מענש נאָך זיינע מעשים:
30 איך בין פאַרבייא געגאַנגען בייא דעם פעלד פון דעם פוילען, אונד בייא דעם וויינגאָרטען
פון דעם מענש וואָס האָט קיין פערשטאַנד: 31 אונד זעה, עס איז אים גאַנצען בעוואַקסען
מיט (קליינע) דערנער, אונד זיין פּנים איז בעדעקט געוועזען מיט (גרויסע) דערנער, אונד דער

32 33 וָאֶחֱזֶה אָנֹכִי אָשִׁית לִבִּי רָאִיתִי לָקַחְתִּי מוּסָר׃ מְעַט שֵׁנוֹת
34 מְעַט תְּנוּמוֹת מְעַט ׀ חִבֻּק יָדַיִם לִשְׁכָּב׃ וּבָא־מִתְהַלֵּךְ
רֵישֶׁךָ וּמַחְסֹרֶיךָ כְּאִישׁ מָגֵן׃

## כה

כה
א גַּם־אֵלֶּה מִשְׁלֵי שְׁלֹמֹה אֲשֶׁר הֶעְתִּיקוּ אַנְשֵׁי ׀ חִזְקִיָּה
2 מֶלֶךְ־יְהוּדָה׃ כְּבֹד אֱלֹהִים הַסְתֵּר דָּבָר וּכְבֹד מְלָכִים
3 חֲקֹר דָּבָר׃ שָׁמַיִם לָרוּם וָאָרֶץ לָעֹמֶק וְלֵב מְלָכִים אֵין
4 ה חֵקֶר׃ הָגוֹ סִיגִים מִכָּסֶף וַיֵּצֵא לַצֹּרֵף כֶּלִי׃ הָגוֹ רָשָׁע
6 לִפְנֵי־מֶלֶךְ וְיִכּוֹן בַּצֶּדֶק כִּסְאוֹ׃ אַל־תִּתְהַדַּר לִפְנֵי־מֶלֶךְ
7 וּבִמְקוֹם גְּדֹלִים אַל־תַּעֲמֹד׃ כִּי טוֹב אֲמָר־לְךָ עֲלֵה הֵנָּה
8 מֵהַשְׁפִּילְךָ לִפְנֵי נָדִיב אֲשֶׁר רָאוּ עֵינֶיךָ׃ אַל־תֵּצֵא לָרִב
מַהֵר פֶּן מַה־תַּעֲשֶׂה בְּאַחֲרִיתָהּ בְּהַכְלִים אֹתְךָ רֵעֶךָ׃
9 י רִיבְךָ רִיב אֶת־רֵעֶךָ וְסוֹד אַחֵר אַל־תְּגָל׃ פֶּן־יְחַסֶּדְךָ
11 שֹׁמֵעַ וְדִבָּתְךָ לֹא תָשׁוּב׃ תַּפּוּחֵי זָהָב בְּמַשְׂכִּיּוֹת כָּסֶף
12 דָּבֻר דָּבָר עַל־אָפְנָיו׃ נֶזֶם זָהָב וַחֲלִי־כָתֶם מוֹכִיחַ חָכָם
13 עַל־אֹזֶן שֹׁמָעַת׃ כְּצִנַּת־שֶׁלֶג ׀ בְּיוֹם קָצִיר צִיר נֶאֱמָן
14 לְשֹׁלְחָיו וְנֶפֶשׁ אֲדֹנָיו יָשִׁיב׃ נְשִׂיאִים וְרוּחַ וְגֶשֶׁם אָיִן אִישׁ
טו מִתְהַלֵּל בְּמַתַּת־שָׁקֶר׃ בְּאֹרֶךְ אַפַּיִם יְפֻתֶּה קָצִין וְלָשׁוֹן
16 רַכָּה תִּשְׁבָּר־גָּרֶם׃ דְּבַשׁ מָצָאתָ אֱכֹל דַּיֶּךָּ פֶּן־תִּשְׂבָּעֶנּוּ
17 וַהֲקֵאתוֹ׃ הֹקַר רַגְלְךָ מִבֵּית רֵעֶךָ פֶּן־יִשְׂבָּעֲךָ וּשְׂנֵאֶךָ׃
18 19 מֵפִיץ וְחֶרֶב וְחֵץ שָׁנוּן אִישׁ־עֹנֶה בְרֵעֵהוּ עֵד שָׁקֶר׃ שֵׁן
כ רֹעָה וְרֶגֶל מוּעָדֶת מִבְטָח בּוֹגֵד בְּיוֹם צָרָה׃ מַעֲדֶה־בֶּגֶד ׀
21 בְּיוֹם קָרָה חֹמֶץ עַל־נָתֶר וְשָׁר בַּשִּׁרִים עַל לֶב־רָע׃ אִם־
22 רָעֵב שֹׂנַאֲךָ הַאֲכִלֵהוּ לָחֶם וְאִם־צָמֵא הַשְׁקֵהוּ מָיִם׃ כִּי
23 גֶחָלִים אַתָּה חֹתֶה עַל־רֹאשׁוֹ וַיהוָה יְשַׁלֶּם־לָךְ׃ רוּחַ צָפוֹן
24 תְּחוֹלֵל גָּשֶׁם וּפָנִים נִזְעָמִים לְשׁוֹן סָתֶר׃ טוֹב שֶׁבֶת עַל־
כה פִּנַּת־גָּג מֵאֵשֶׁת מִדְוָנִים וּבֵית חָבֶר׃ מַיִם קָרִים עַל־נֶפֶשׁ

שטיינערנער צוים איז אפּגעבראכען געוועזען: 32 אונד ווען איך האב עס אנגעקוקט אונד גוט בעטראכטעט, אזוי האב איך געזעהן אונד אנגענומען מוּסר: 33 נאך א ביסעלע שלאפען, נאך א ביסעלע דרומעלן, אונד נאך א ביסעלע דיא הענד צוזאמען לעגען אויף דעם בעט: 34 אזוי וועט דיינע ארעמקייט צו דיר אנקומען אזוי וויא א וואנדערער, אונד דיינע מינערונג אזוי וויא א (מלחמה) מאן וואס האט א פאנצער:

## קאפיטעל כה

1 אויך דיא דאזיגע זענען דיא משלים פון שלמה וואס דיא לייט פון חזקיהו מלך פון יהודה האבען איבערגעזעצט: 2 עס איז צו דעם כבוד פון גאט א זאך צו בעהאלטען, אונד צו דעם כבוד פון מלכים א זאך אויסצופארשען: 3 דיא הימעל פאר הויכקייט אונד דיא ערד פאר טיפקייט אונד דאס הארץ פון מלכים קענען ניט אויסגעפארשט ווערען: 4 נעם אוועק דאס פסולת פון דעם זילבער אזוי וועט ארויסגעהן א כלי פאר דעם גאלדשמיד: 5 נעם אוועק דעם רשע פון פאר דעם מלך, אזוי וועט זיין טרויךשטול זיין אנגעברייט אין גערעכטיגקייט: 6 דוא זאלסט דיך ניט פערהערליכען פאר דעם מלך, אונד אויף דעם ארט פון גרויסע לייט זאלסט דוא דיך ניט אנידערשטעלען: 7 ווארין עס איז פאר דיר בעסער אז מען זאל צו דיר זאגען געה דוא ארויף איידער דוא זאלסט דערנידעריגט ווערען פאר דיא פירשטען וועלכע דוא וועסט זעהען מיט דיינע אויגען: 8 דוא זאלסט ניט אייליג ארויסגעהן צו קריגען, טאמער וועסט דוא ניט וויסען וואס צו טהון, אם ענד ווען דיין חבר וועט דיך האבען פערשעמט: 9 ווען דוא מוזט דיך קריגען אזוי קריג דיך מיט דיין חבר אליין, אבער דעם סוד פון איין אנדערן זאלסט דוא ניט אנטפלעקען: 10 טאמער וועט דער וואס וועט הערען דיך שענדען, אונד דיינע שלעכטיגקייט וועט ניט קענען צוריקגעקעהרט ווערען: 11 אזוי וויא גאלדענע עפּעל אויסגעמאלט אין זילבערנע (כלים) אזוי איז אויך א ווארט גערעדט אויף א גוטען אופן: 12 אזוי שעהן וויא א גאלדענער נאזרינג איז אין א פיינגאלדענע צירונג אזוי איז אויך דיא שטראף־רעד פון א חכם צו דעם אויער וואס הערט עס צו: 13 אזוי וויא דיא קיהלונג פון שנע איז אין דעם טאג פון דער שניט צייט, אזוי איז אויך א געטרייער שליח צו דעם וואס שיקט איהם, ווארין ער דערקוויקט דאס נפש פון זיין האר: 14 דער וואס בעריהמט זיך מיט א פאלשע מתנה איז וויא א ווינד אונד וואלקען אהן רעגען: 15 דורך לאנגמיטיגקייט ווערט א געוועלטיגער איבערגערעט, אבער א ווייכע צונג צובריכט דעם ביין: 16 ווען דוא געפינסט האניג, עס אזוי פיל וויא עס איז גוט פאר דיר, ווארין טאמער וועסט דוא דיך צו זאט מאכען אונד דוא וועסט עס מוזען אויסשפייען: 17 טהוא אפּ דיין פוס פון דיין חבר׳ס הויז, ווארין טאמער ווערט ער פון דיר צו זאט אונד ער וועט דיך פיינד האבען: 18 דער מענש וואס זאגט פאלש עדות געגען זיין חבר איז אזוי וויא א האמער, א שווערד אונד א פייל: 19 אזוי וויא א צובראכענער צאהן אונד א פערענקטער פוס איז דיא פערזיכערונג אויף א פאלשען מענש אין דעם טאג פון דער צרה: 20 אזוי וויא מען נעמט אוועק פון איינעם א קלייד אין א קאלטען טאג, אונד אזוי וויא עסיג איז אויף לויג, אזוי איז א ליד וואס מען זינגט צו איינעם וואס האט א שווער הארץ: 21 ווען דיין פיינד איז הונגעריג, גיב איהם ברויט צו עסען, אונד ווען ער איז דארשטיג אזוי גיב איהם וואסער צו טרינקען: 22 ווארין דערמיט העסט דוא טהון קוילען אויף זיין קאפּ, אונד דער האר וועט דיר דערפאר בעצאלען: 23 דער צפון ווינד טרייבט אוועק דעם רעגען, אזוי טהוט אויך א צארענדיג פּנים אונד א פערבארגענע צונג: 24 עס איז בעסער צו בלייבען אין א ווינקעל אויף דעם דאך איידער מיט א קריגערישען ווייב אין א בְרייט הויז: 25 אזוי וויא קאלט וואסער איז צו א מיד נפש,

אזוי

עֲיֵפָה וּשְׁמוּעָה טוֹבָה מֵאֶרֶץ מֶרְחָק׃ מַעְיָן נִרְפָּשׂ וּמָקוֹר 26
מָשְׁחָת צַדִּיק מָט לִפְנֵי־רָשָׁע׃ אָכֹל דְּבַשׁ הַרְבּוֹת לֹא־ 27
טוֹב וְחֵקֶר כְּבֹדָם כָּבוֹד׃ עִיר פְּרוּצָה אֵין חוֹמָה אִישׁ 28
אֲשֶׁר ׀ אֵין־מַעְצָר לְרוּחוֹ׃

## כו

כו
כַּשֶּׁלֶג ׀ בַּקַּיִץ וְכַמָּטָר בַּקָּצִיר כֵּן לֹא־נָאוֶה לִכְסִיל כָּבוֹד׃ א
כַּצִּפּוֹר לָנוּד כַּדְּרוֹר לָעוּף כֵּן קִלְלַת חִנָּם לֹא תָבֹא׃ שׁוֹט 2 3
לַסּוּס מֶתֶג לַחֲמוֹר וְשֵׁבֶט לְגֵו כְּסִילִים׃ אַל־תַּעַן כְּסִיל 4
כְּאִוַּלְתּוֹ פֶּן־תִּשְׁוֶה־לּוֹ גַם־אָתָּה׃ עֲנֵה כְסִיל כְּאִוַּלְתּוֹ פֶּן ה
יִהְיֶה חָכָם בְּעֵינָיו׃ מְקַצֶּה רַגְלַיִם חָמָס שֹׁתֶה שֹׁלֵחַ 6
דְּבָרִים בְּיַד־כְּסִיל׃ דַּלְיוּ שֹׁקַיִם מִפִּסֵּחַ וּמָשָׁל בְּפִי 7
כְסִילִים׃ כִּצְרוֹר אֶבֶן בְּמַרְגֵּמָה כֵּן־נוֹתֵן לִכְסִיל כָּבוֹד׃ 8
חוֹחַ עָלָה בְיַד־שִׁכּוֹר וּמָשָׁל בְּפִי כְסִילִים׃ רַב מְחוֹלֵל־ 9
כֹּל וְשֹׂכֵר כְּסִיל וְשֹׂכֵר עֹבְרִים׃ כְּכֶלֶב שָׁב עַל־קֵאוֹ כְּסִיל 11
שׁוֹנֶה בְאִוַּלְתּוֹ׃ רָאִיתָ אִישׁ חָכָם בְּעֵינָיו תִּקְוָה לִכְסִיל 12
מִמֶּנּוּ׃ אָמַר עָצֵל שַׁחַל בַּדָּרֶךְ אֲרִי בֵּין הָרְחֹבוֹת׃ הַדֶּלֶת 13 14
תִּסּוֹב עַל־צִירָהּ וְעָצֵל עַל־מִטָּתוֹ׃ טָמַן עָצֵל יָדוֹ בַּצַּלָּחַת טו
נִלְאָה לַהֲשִׁיבָהּ אֶל־פִּיו׃ חָכָם עָצֵל בְּעֵינָיו מִשִּׁבְעָה מְשִׁיבֵי 16
טָעַם׃ מַחֲזִיק בְּאָזְנֵי־כָלֶב עֹבֵר מִתְעַבֵּר עַל־רִיב לֹּא־לוֹ׃ 17
כְּמִתְלַהְלֵהַּ הַיֹּרֶה זִקִּים חִצִּים וָמָוֶת׃ כֵּן־אִישׁ רִמָּה אֶת־ 18 19
רֵעֵהוּ וְאָמַר הֲלֹא־מְשַׂחֵק אָנִי׃ בְּאֶפֶס עֵצִים תִּכְבֶּה־אֵשׁ כ
וּבְאֵין נִרְגָּן יִשְׁתֹּק מָדוֹן׃ פֶּחָם לְגֶחָלִים וְעֵצִים לְאֵשׁ 21
וְאִישׁ מִדוֹנִים לְחַרְחַר־רִיב׃ דִּבְרֵי נִרְגָּן כְּמִתְלַהֲמִים וְהֵם 22
יָרְדוּ חַדְרֵי־בָטֶן׃ כֶּסֶף סִיגִים מְצֻפֶּה עַל־חָרֶשׂ שְׂפָתַיִם 23
דֹּלְקִים וְלֶב־רָע׃ בִּשְׂפָתָו יִנָּכֵר שׂוֹנֵא וּבְקִרְבּוֹ יָשִׁית 24
מִרְמָה׃ כִּי־יְחַנֵּן קוֹלוֹ אַל־תַּאֲמֶן־בּוֹ כִּי שֶׁבַע תּוֹעֵבוֹת כה
בְּלִבּוֹ׃ תִּכַּסֶּה שִׂנְאָה בְּמַשָּׁאוֹן תִּגָּלֶה רָעָתוֹ בְקָהָל׃ כֹּרֶה 26 27

אַזוֹי אִיז אַ גוּטֶע בְּשׂוֹרָה פוּן אַ װײַט לַאנְד׃
26 אַזוֹי װִיא אַ צוּטְרֶעטֶענֶער בְּרוּנֶען אוּנְד
אַ פֶערְדָארְבֶּענֶער קְװַאל אַזוֹי אִיז אַ צַדִּיק
װָאס פַאלְט אַנִידֶער פָאר דֶעם רָשָׁע׃ 27 עֶס
אִיז נִיט גוּט צוּ עֶסֶען פִיל הָאנִיג, אוּנְד זֵיין
אֵייגֶענֶעם כָּבוֹד אוֹיסְצוּפָארְשֶׁען (אִיז אוֹיךְ
נִיט גוּט)׃ 28 אַ מֶענְשׁ װָאס קֶען נִיט
רֶעגִירֶען אִיבֶּער זֵיין אֵייגֶען גֶעמִיט, אִיז
אַזוֹי װִיא אֵיינֶע אָפְּגֶעבְּרָאכֶענֶע שְׁטָאט
אָהְן אַ מוֹיעֶר׃

### קאפיטעל כו

1 אַזוֹי װִיא שְׁנֶע אִים זוּמֶער אוּנְד רֶעגֶען אִין
דֶער שְׁנִיט־צֵייט אַזוֹי פַּאסְט נִיט כָּבוֹד צוּ אַ
נַאר׃ 2 אַזוֹי װִיא אַ פֶערְװָאגֶעלְטֶער פוֹיגֶעל
אוּנְד אַרוּמְפְלִיהֶענְדֶע שְׁװַאלְבּ קֶעהְרֶען צוּ־
רִיק צוּ זֵייעֶר נֶעסְט אַזוֹי אִיז אוֹיךְ אֵיין אוּמְ־
זוּסְטֶע קְלָלָה, זִיא קוּמְט נִיט אָן׃ 3 אַ פֵּייטְשׁ
פַאר אַ פֶערְד, אַ צוֹים פַאר אֵיין עֶזֶעל, אוּנְד
אַ רוּט פַאר דֶעם רִיקֶען פוּן אַ נַאר׃ 4 דוּא
זָאלְסְט נִיט עֶנְטְפֶערְן אַ נַאר נָאךְ זֵיי־
נֶע נַארִישְׁקֵייט, װָארִין טָאמֶער װֶעסְט
דוּא אוֹיךְ צוּ אִיהְם גֶעגְלִיכֶען װֶערֶען׃
5 עֶנְטְפֶער אַ נַאר נָאךְ זֵיינֶע נַארִישְׁקֵייט,
װָארִין טָאמֶער װֶעט עֶר זֵיין אַ חָכָם אִין
זֵיינֶע אֵייגֶענֶע אוֹיגֶען׃ 6 דֶער װָאס שִׁיקְט װֶערְטֶער דוּרְךְ אַ נַאר שְׁנֵייט אָפּ דִיא פִיס, אוּנְד
טְרִינְקְט פוּן רוֹיבֶּערֵייא׃ 7 דִיא קְנִיעֶן פוּן דֶעם לָאמֶען זֶענֶען נִיט גְלֵייךְ, אַזוֹי אִיז אוֹיךְ אַ
מָשָׁל אִין דֶעם מוֹיל פוּן נַארוּנִים׃ 8 אַזוֹי װִיא אֵיינֶער װָאס בִּינְט אַ שְׁטֵיין אִין אַ שְׁלֵיידֶער,
אַזוֹי אִיז דֶער װָאס גֶעט כָּבוֹד צוּ אַ נַאר׃ 9 אַזוֹי װִיא אַ דָארְן גֶעהְט אַרוֹיף אִין דִיא הַאנְד פוּן
אַ שִׁכּוֹר, אַזוֹי אִיז אַ מָשָׁל אִין דֶעם מוֹיל פוּן נַארוּנִים׃ 10 דֶער גְרוֹיסֶער (גָאט) װָאס הָאט
אַלֶעס בֶּעשַׁאפֶען, דִינְגְט דֶעם נַאר, אוּנְד דִינְגְט אוֹיךְ דֶעם װָאס גֶעהְט פֶערְבֵּייא׃ 11 אַזוֹי
װִיא אַ הוּנְד קֶעהְרְט צוּרִיק צוּ זֵיין אוֹיסְשְׁפֵּייעֶן, אַזוֹי טְהוּט דֶער נַאר נָאכְאַמָאל זֵיינֶע נַא־
רִישְׁקֵייט׃ 12 װֶען דוּא זֶעהְסְט אֵיינֶעם װָאס אִיז אַ חָכָם אִין זֵיינֶע אֵייגֶענֶע אוֹיגֶען, אַזוֹי
אִיז מֶעהְר הָאפְנוּנְג פַאר אַ נַאר װִיא פַאר אִיהְם׃ 13 דֶער פוֹילֶער זָאגְט, עֶס אִיז אַ יוּנְגֶער
לֵייבּ אִין דֶעם װֶעג, אוּנְד אֵיין אַלְטֶער לֵייבּ אִיז צְװִישֶׁען דִיא גַאסֶען׃ 14 אַזוֹי װִיא דִיא
טִיעֶר רִינְגֶעלְט זִיךְ אוֹיף אִיהְרֶע אַנְגֶעל, אַזוֹי טְהוּט דֶער פוֹילֶער אוֹיף זֵיין בֶּעט׃ 15 דֶער
פוֹילֶער בֶּעהַאלְט זֵיינֶע הַאנְד אִין דֶעם שׁוֹיס, עֶס בֶּעמִיהְט אִיהְם זִיא צוּרִיקְצוּקֶעהְרֶען צוּ
זֵיין מוֹיל׃ 16 דֶער פוֹילֶער אִיז פִיל קְלִיגֶער אִין זֵיינֶע אֵייגֶענֶע אוֹיגֶען װִיא זִיבֶּען מֶענְשֶׁען
װָאס קֶענֶען עֶנְטְפֶערְן מִיט אַ טַעַם׃ 17 אֵיינֶער װָאס חַאפְּט אָן אַ הוּנְד בֵּייא דִיא אוֹיעֶרְן,
אִיז אַזוֹי װִיא אֵיינֶער װָאס גֶעהְט פַארְבֵּייא אוּנְד מִישְׁט זִיךְ אַרֵיין אִין אַ קְרִיג װָאס גֶעהְט
אִיהְם נִיט אָן׃ 18 אַזוֹי װִיא אַ מְשׁוּגֶענֶער װָאס װַארְפְט פוּנְקֶען פוּן פֵייעֶר אוּנְד פֵיילֶען פוּן
טוֹיט! 19 אַזוֹי אִיז אוֹיךְ (אַ שְׁלֶעכְטֶער) װָאס בֶּעטְרִיבְּט זֵיין חַבֵר, אוּנְד זָאגְט, אִיךְ הָאבּ
נָאר שְׁפַּאס גֶעמַאכְט׃ 20 װֶען עֶס אִיז נִיט דָא קֵיין הָאלְץ אַזוֹי גֶעהְט דָאס פֵייעֶר אוֹיס,
אַזוֹי אוֹיךְ װֶען עֶס אִיז נִיט דָא אֵיין אָנְרֵייצֶער װֶערְט דֶער קְרִיג גֶעשְׁטִילְט׃ 21 אַזוֹי װִיא
קוֹילֶען זֶענֶען צוּ הֵייס אֵשׁ, אוּנְד הָאלְץ צוּ פֵייעֶר, אַזוֹי אִיז אוֹיךְ אַ קְרִיגֶענְדִיגֶער מַאן אָנְ־
צוּרֵייצֶען אַ קְרִיג׃ 22 דִיא װֶערְטֶער פוּן אֵיין אָנְרֵייצֶער זֶענֶען אַזוֹי װִיא װָאוּנְדֶען װָאס גֶעהֶען
אַרוּפּ אִין דִיא חֲדָרִים פוּן דֶעם לֵייבּ׃ 23 אַזוֹי װִיא דָאס פְּסוֹלֶת פוּן זִילְבֶּער בֶּעדֶעקְט דֶעם
שַׁארְבֶּען, אַזוֹי זֶענֶען אוֹיךְ דִיא בְּרֶענֶענְדִיגֶע לִיפֶּען פוּן אַ שְׁלֶעכְט הַארְץ׃ 24 מִיט זֵיינֶע
לִיפֶּען פֶערְפְרֶעמְד זִיךְ דֶער שׂוֹנֵא, אָבֶּער אִין זִיךְ טְהוּט עֶר טְרַאכְטֶען פַאלְשְׁקֵייט׃ 25 אַפִילוּ
װֶען עֶר װֶעט דִיךְ בֶּעטֶען מִיט זֵיין קוֹל אַזוֹי זָאלְסְט דוּא אִיהְם דָאךְ נִיט גְלוֹיבֶּען, װָארִין
זִיבֶּען אוּמְװֶערְדִיגְקֵייטֶען זֶענֶען אִין זֵיין הַארְץ׃ 26 דֶער װָאס דֶעקְט צוּ פֵיינְדְשַׁאפְט
אִין דֶער פִינְסְטֶערְנִיס דֶעם װֶעט דָאךְ זֵיינֶע שְׁלֶעכְטִיגְקֵייט אַנְטְפְּלֶעקְט װֶערֶען
אִין דֶער פֶערְזַאמְלוּנְג׃ 27 דֶער װָאס גְרוּבְּט אַ גְרוּבּ װֶעט דַארִין אַרֵיינְפַאלֶען,
אוּנד

28 שֹׁחֵת בָּהּ יִפֹּל וְגֹלֵל אֶבֶן אֵלָיו תָּשׁוּב׃ לְשׁוֹן־שֶׁקֶר יִשְׂנָא
דַכָּיו וּפֶה חָלָק יַעֲשֶׂה מִדְחֶה׃

# כז

2 א אַל־תִּתְהַלֵּל בְּיוֹם מָחָר כִּי לֹא־תֵדַע מַה־יֵּלֶד יוֹם׃ יְהַלֶּלְךָ
3 זָר וְלֹא־פִיךָ נָכְרִי וְאַל־שְׂפָתֶיךָ׃ כֹּבֶד אֶבֶן וְנֵטֶל הַחוֹל
4 וְכַעַס אֱוִיל כָּבֵד מִשְּׁנֵיהֶם׃ אַכְזְרִיּוּת חֵמָה וְשֶׁטֶף אָף
ה וּמִי יַעֲמֹד לִפְנֵי קִנְאָה׃ טוֹבָה תּוֹכַחַת מְגֻלָּה מֵאַהֲבָה
6 מְסֻתָּרֶת׃ נֶאֱמָנִים פִּצְעֵי אוֹהֵב וְנַעְתָּרוֹת נְשִׁיקוֹת שׂוֹנֵא׃
7 נֶפֶשׁ שְׂבֵעָה תָּבוּס נֹפֶת וְנֶפֶשׁ רְעֵבָה כָּל־מַר מָתוֹק׃
8 9 כְּצִפּוֹר נוֹדֶדֶת מִן־קִנָּהּ כֵּן אִישׁ נוֹדֵד מִמְּקוֹמוֹ׃ שֶׁמֶן
י וּקְטֹרֶת יְשַׂמַּח־לֵב וּמֶתֶק רֵעֵהוּ מֵעֲצַת־נָפֶשׁ׃ רֵעֲךָ ׀ וְרֵעַ
אָבִיךָ אַל־תַּעֲזֹב וּבֵית אָחִיךָ אַל־תָּבוֹא בְּיוֹם אֵידֶךָ טוֹב
11 שָׁכֵן קָרוֹב מֵאָח רָחוֹק׃ חֲכַם בְּנִי וְשַׂמַּח לִבִּי וְאָשִׁיבָה
12 חֹרְפִי דָבָר׃ עָרוּם ׀ רָאָה רָעָה נִסְתָּר פְּתָאיִם עָבְרוּ
13 נֶעֱנָשׁוּ׃ קַח־בִּגְדוֹ כִּי־עָרַב זָר וּבְעַד נָכְרִיָּה חַבְלֵהוּ׃
14 מְבָרֵךְ רֵעֵהוּ ׀ בְּקוֹל גָּדוֹל בַּבֹּקֶר הַשְׁכֵּים קְלָלָה תֵּחָשֶׁב
טו לוֹ׃ דֶּלֶף טוֹרֵד בְּיוֹם סַגְרִיר וְאֵשֶׁת מִדְוָנִים נִשְׁתָּוָה׃
16 17 צֹפְנֶיהָ צָפַן־רוּחַ וְשֶׁמֶן יְמִינוֹ יִקְרָא׃ בַּרְזֶל בְּבַרְזֶל יָחַד
18 וְאִישׁ יַחַד פְּנֵי־רֵעֵהוּ׃ נֹצֵר תְּאֵנָה יֹאכַל פִּרְיָהּ וְשֹׁמֵר
19 אֲדֹנָיו יְכֻבָּד׃ כַּמַּיִם הַפָּנִים לַפָּנִים כֵּן לֵב הָאָדָם לָאָדָם׃
כ שְׁאוֹל וַאֲבַדֹּה לֹא תִשְׂבַּעְנָה וְעֵינֵי הָאָדָם לֹא תִשְׂבַּעְנָה׃
21 22 מַצְרֵף לַכֶּסֶף וְכוּר לַזָּהָב וְאִישׁ לְפִי מַהֲלָלוֹ׃ אִם־תִּכְתּוֹשׁ
אֶת־הָאֱוִיל ׀ בַּמַּכְתֵּשׁ בְּתוֹךְ הָרִיפוֹת בַּעֱלִי לֹא־תָסוּר מֵעָלָיו
23 24 אִוַּלְתּוֹ׃ יָדֹעַ תֵּדַע פְּנֵי צֹאנֶךָ שִׁית לִבְּךָ לַעֲדָרִים׃ כִּי לֹא
כה לְעוֹלָם חֹסֶן וְאִם־נֵזֶר לְדוֹר דּוֹר׃ גָּלָה חָצִיר וְנִרְאָה־
26 דֶשֶׁא וְנֶאֶסְפוּ עִשְּׂבוֹת הָרִים׃ כְּבָשִׂים לִלְבוּשֶׁךָ וּמְחִיר

אוּנְד דֶער וָואס וַואלְגֶערְט אַ שְׁטֵיין צוּ
אִיהְם וֶועט עֶר צוּרִיקְקוּמֶען׃ 28 אַ פַאלְשֶׁע
צוּנְג הָאבֶּען פֵיינְד אֲפִילוּ דִיא וָואס זֶענֶען
צוּשְׁטוֹיסֶען, אָבֶּער אַ גְלַאט מוֹיל מַאכְט
פֶערְשְׁטוֹיסוּנְג׃

## קאפיטעל כז

1 בֶּערִיהְם דִיךְ נִיט אוֹיף דֶעם מָארְגֶענְדִיגֶען
טָאג, וָוארִין דוּא ווייסְט דָאךְ נִיט וָואס אַ
טָאג קֶען גֶעוִוינֶען׃ 2 לָאז דִיךְ אַ פְרֶעמְ־
דֶער לוֹיבֶּען אוּנְד נִיט דֵיין אַייגֶען מוֹיל,
יוֹא, אַ פְרֶעמְדֶער אוּנְד נִיט דֵיינֶע לִיפֶּען׃
3 דִיא שְׁוֶוערְקֵייט פוּן אַ שְׁטֵיין אוּנְד דָאס
גֶעווִיכְט פוּן זַאמְד, אָבֶּער דֶער צָארְן פוּן
אַ נַאר אִיז שְׁוֶוערֶער פוּן זֵייא בֵּיידֶע׃
4 צָארְן אִיז אוּמְדֶערְבַּארֶעמְדִיג, אוּנְד
גְרִימְצָארְן אִיז ווִיא אַ פֶערְפְלֵייצוּנְג, אָבֶּער
וֶוער קֶען בֶּעשְׁטֶעהְן פָאר אַ קִנְאָה? 5 אֵיינֶע
אַנְטְפְּלֶעקְטֶע שְׁטְרָאף אִיז בֶּעסֶער ווִיא אַ
פֶערְבָּארְגֶענֶע לִיבֶּע׃ 6 דִיא ווְאוּנְדֶען פוּן
אַ פְרֵיינְד זֶענֶען לִיבְּשַׁאפְט, אָבֶּער דָאס
קִישֶׁען פוּן אַ שׂוֹנֵא זֶענֶען אִיבֶּערְפְלִיסִיג׃
7 אַ זַאט נֶפֶשׁ טְרֶעט אֲפִילוּ הָאנִיג (מִיט
דִיא פִּיס), אָבֶּער פַאר אַ הוּנְגֶערִיג נֶפֶשׁ
אִיז דָאס בִּיטֶערֶע אוֹיךְ זִיס׃ 8 אַזוֹי ווִיא אַ פוֹיגֶעל וָואס וַואנְדֶערְט אַוֶועק פוּן זַיין נֶעסְט,
אַזוֹי אִיז אוֹיךְ אַ מֶענְשׁ וָואס וַואנְדֶערְט אַוֶועק פוּן זַיין אָרְט׃ 9 דֶער רֵיחַ פוּן (גוּטֶען) בּוֹימְ־
עֶהְל אוּנְד קְטוֹרֶת דֶערְפְרֵייט דָאס הַארְץ, אַזוֹי טְהוּט אוֹיךְ דִיא זִיסְקֵייט פוּן אַ פְרֵיינְד דוּרְךְ
אַ הֶערְצְלִיכֶע עֵצָה׃ 10 דוּא זָאלְסְט נִיט פֶערְלָאזֶען דֵיין פְרֵיינְד, אוּנְד דֵיין פָאטֶערְ׳ס פְרֵיינְד,
אוּנְד דוּא זָאלְסְט נִיט אַרֵיינְגֶעהְן אִין דֵיין בְּרוּדֶערְ׳ס הוֹיז אִין דֶעם טָאג פוּן דֵיין אוּמְגְלִיק,
וָוארִין עֶס אִיז בֶּעסֶער צוּ הָאבֶּען אַ נָאהֶענְטֶען שָׁכֵן ווִיא אַ בְּרוּדֶער פוּן וַוייטֶען׃ 11 מֵיין
זוּהְן זֵייא קְלוּג, אַזוֹי וֶועסְט דוּא דֶערְפְרֵייעֶן מֵיין הַארְץ, כְּדֵי אִיךְ זָאל קֶענֶען עֶנְטְפֶערְן
מֵיינֶע לֶעסְטֶערֶער׃ 12 אַ קְלוּגֶער מֶענְשׁ זֶעהְט דָאס שְׁלֶעכְטֶע אָנְקוּמֶען, אוּנְד עֶר פֶערְ־
בָּארְגְט זִיךְ, אָבֶּער דִיא נַארוּנִים גֶעהְן פֶערְבַּייא, אוּנְד זֵייא וֶוערֶען בֶּעשְׁטְרָאפְט׃ 13 נֶעם
אַוֶועק זַיין קְלֵייד, ווייל עֶר אִיז עָרֵב גֶעוֶועזֶען פַאר אַ פְרֶעמְדֶען, אוּנְד נֶעם אַ מַשְׁכּוֹן פוּן
אִיהְם פַאר אַ פְרֶעמְד ווייבּ׃ 14 וֶוער עֶס בֶּענְשְׁט זַיין חָבֵר מִיט אַ גְרוֹיס קוֹל וֶוען מֶען
שְׁטֶעהְט אוֹיף גַאנְץ פְרִיה, דָאס וֶועט אִיהְם אָנְגֶערֶעכֶענְט צוּ אַ קְלָלָה׃ 15 אַ בֶּעשְׁטֶענְדִיגֶער
טְרָאפֶּען פוּן רֶעגֶען אִין דֶעם טָאג פוּן אַ שְׁטָארְם, אוּנְד אַ קְרִיגֶערִישֶׁעס ווייבּ זֶענֶען בֵּיידֶע
גְלֵייךְ׃ 16 דֶער וָואס בֶּעהַאלְט אַזָאלְכֶע אִיז אַזוֹי גוּט ווִיא עֶר בֶּעהַאלְט דֶעם ווִינְד, אוּנְד דָאס
(שְׁמֶעקֶענְדֶע) בּוֹימְעֶהְל פוּן זֵיינֶע רֶעכְטֶע הַאנְד רוּפְט עֶס אוֹיס׃ 17 אַזוֹי ווִיא אֵיין אֵייזֶען
מַאכְט שַׁארְף דָאס אַנְדֶערֶע אֵייזֶען, אַזוֹי טְהוּט אוֹיךְ דָאס פָּנִים פוּן אַ מֶענְשׁ שַׁארְפֶען זַיין
חַבֵרְ׳ס (פָּנִים)׃ 18 דֶער וָואס הִיט דֶעם פֵייגֶענְבּוֹים דֶער עֶסְט פוּן זֵיינֶע פֵּירוֹת, אַזוֹי אוֹיךְ
דֶער וָואס הִיט זַיין הַאר וֶועט בְּכָבוֹד גֶעהַאלְטֶען וֶוערֶען׃ 19 אַזוֹי ווִיא אִין דֶעם וַואסֶער
אִיז צוּ (דֶערְזֶעהֶען) אַ פָּנִים צוּ אַ פָּנִים, אַזוֹי אִיז אוֹיךְ (צוּ זֶעהֶען) אִין דֶעם הַארְץ פוּן אַ
מֶענְשׁ צוּ אַ מֶענְשׁ׃ 20 דֶער שְׁאוֹל אוּנְד דָאס גֵיהִנָּם זֶענֶען קֵיינְמָאל נִיט זַאט, אַזוֹי זֶענֶען
אוֹיךְ דִיא אוֹיגֶען פוּן דֶעם מֶענְשׁ קֵיינְמָאל נִיט זַאט׃ 21 דֶער שְׁמֶעלְץ־טִיגֶעל אִיז פַאר זִילְ־
בֶּער אוּנְד דֶער אוֹיפֶען פַאר גָאלְד, אַזוֹי אִיז דֶער מֶענְשׁ (גֶעפְּרִיפְט) דוּרְךְ זַיין לוֹיבּ׃
22 וֶוען דוּא זָאלְסְט דֶעם נַאר צוּשְׁטוֹיסֶען אִין אַ שְׁטוֹיסֶעל צְווִישֶׁען קֶערֶענְדְלֶעךְ פוּן ווֵייץ,
אַזוֹי וֶועט דָאךְ זֵיינֶע נַארִישְׁקֵייט פוּן אִיהְם נִיט אָפְּגֶעטְהוּן וֶוערֶען׃ 23 דוּא זָאלְסְט גוּט
ווִיסֶען דָאס אוֹיסְזֶעהֶען פוּן דֵיינֶע שָׁאף, אוּנְד טְהוּא דֵיין הַארְץ צוּ דֵיינֶע סְטַאדֶעס׃
24 וָוארִין דָאס עֲשִׁירוּת דוֹיעֶרְט נִיט אוֹיף עֶבִּיג, אָבֶּער וֶוען דוּא בִּיזְט גֶעקְרוֹינְט
בֶּעדוֹיעֶרְט דָאס פוּן דוֹר צוּ דוֹר? 25 וֶוען גְרָאז וֶוערְט אַנְטְפְּלֶעקְט, אוּנְד גְרִין גְרָאז
וֶוערְט גֶעזֶעהֶען, אוּנְד קְרֵייטֶער וֶוערֶען אֵיינְגֶעזַאמֶעלְט אוֹיף דִיא בֶּערְג׃
26 אַזוֹי אִיז (דִיא וָואל פוּן) דִיא לֶעמֶעלֶעךְ פַאר דֵיינֶע קְלֵיידֶער, אוּנְד

דיא

שָׂדֶה עַתּוּדִים׃ וְדֵי ׀ חֲלֵב עִזִּים לְלַחְמְךָ לְלֶחֶם בֵּיתֶךָ 27
וְחַיִּים לְנַעֲרוֹתֶיךָ׃

## כח

נָסוּ וְאֵין־רֹדֵף רָשָׁע וְצַדִּיקִים כִּכְפִיר יִבְטָח׃ בְּפֶשַׁע אֶרֶץ א 2
רַבִּים שָׂרֶיהָ וּבְאָדָם מֵבִין יֹדֵעַ כֵּן יַאֲרִיךְ׃ גֶּבֶר רָשׁ וְעֹשֵׁק 3
דַּלִּים מָטָר סֹחֵף וְאֵין לָחֶם׃ עֹזְבֵי תוֹרָה יְהַלְלוּ רָשָׁע 4
וְשֹׁמְרֵי תוֹרָה יִתְגָּרוּ בָם׃ אַנְשֵׁי־רָע לֹא־יָבִינוּ מִשְׁפָּט ה
וּמְבַקְשֵׁי יְהוָה יָבִינוּ כֹל׃ טוֹב־רָשׁ הוֹלֵךְ בְּתֻמּוֹ מֵעִקֵּשׁ 6
דְּרָכַיִם וְהוּא עָשִׁיר׃ נוֹצֵר תּוֹרָה בֵּן מֵבִין וְרֹעֶה זוֹלְלִים 7
יַכְלִים אָבִיו׃ מַרְבֶּה הוֹנוֹ בְּנֶשֶׁךְ וּבְתַרְבִּית לְחוֹנֵן דַּלִּים 8
יִקְבְּצֶנּוּ׃ מֵסִיר אָזְנוֹ מִשְּׁמֹעַ תּוֹרָה גַּם־תְּפִלָּתוֹ תּוֹעֵבָה׃ 9
מַשְׁגֶּה יְשָׁרִים ׀ בְּדֶרֶךְ רָע בִּשְׁחוּתוֹ הוּא־יִפּוֹל וּתְמִימִים י
יִנְחֲלוּ־טוֹב׃ חָכָם בְּעֵינָיו אִישׁ עָשִׁיר וְדַל מֵבִין יַחְקְרֶנּוּ׃ 11
בַּעֲלֹץ צַדִּיקִים רַבָּה תִפְאָרֶת וּבְקוּם רְשָׁעִים יְחֻפַּשׂ אָדָם׃ 12
מְכַסֶּה פְשָׁעָיו לֹא יַצְלִיחַ וּמוֹדֶה וְעֹזֵב יְרֻחָם׃ אַשְׁרֵי אָדָם 13 14
מְפַחֵד תָּמִיד וּמַקְשֶׁה לִבּוֹ יִפּוֹל בְּרָעָה׃ אֲרִי־נֹהֵם וְדֹב טו
שׁוֹקֵק מוֹשֵׁל רָשָׁע עַל עַם־דָּל׃ נָגִיד חֲסַר תְּבוּנוֹת וְרַב 16
מַעֲשַׁקּוֹת שֹׂנֵא בֶצַע יַאֲרִיךְ יָמִים׃ אָדָם עָשֻׁק בְּדַם־ 17
נָפֶשׁ עַד־בּוֹר יָנוּס אַל־יִתְמְכוּ־בוֹ׃ הוֹלֵךְ תָּמִים יִוָּשֵׁעַ 18
וְנֶעְקַשׁ דְּרָכַיִם יִפּוֹל בְּאֶחָת׃ עֹבֵד אַדְמָתוֹ יִשְׂבַּע־לָחֶם 19
וּמְרַדֵּף רֵקִים יִשְׂבַּע־רִישׁ׃ אִישׁ אֱמוּנוֹת רַב־בְּרָכוֹת וְאָץ כ
לְהַעֲשִׁיר לֹא יִנָּקֶה׃ הַכֵּר־פָּנִים לֹא־טוֹב וְעַל־פַּת־לֶחֶם 21
יִפְשַׁע־גָּבֶר׃ נִבְהָל לַהוֹן אִישׁ רַע עָיִן וְלֹא־יֵדַע כִּי־חֶסֶר 22
יְבֹאֶנּוּ׃ מוֹכִיחַ אָדָם אַחֲרַי חֵן יִמְצָא מִמַּחֲלִיק לָשׁוֹן׃ 23
גּוֹזֵל ׀ אָבִיו וְאִמּוֹ וְאֹמֵר אֵין־פָּשַׁע חָבֵר הוּא לְאִישׁ מַשְׁחִית׃ 24
רְחַב־נֶפֶשׁ יְגָרֶה מָדוֹן וּבֹטֵחַ עַל־יְהוָה יְדֻשָּׁן׃ בּוֹטֵחַ בְּלִבּוֹ כה 26
הוּא כְסִיל וְהוֹלֵךְ בְּחָכְמָה הוּא יִמָּלֵט׃ נוֹתֵן לָרָשׁ אֵין 27

דיא בעק זענען דער קויפפרייז פאַר דעם פעלד; 27 אונד דו וועסט האָבען גענוג ציגען מילך פאַר דיינע שפייז, צו שפייז פאַר דיין הויזגעזינד אונד לעבענסמיטעל פאַר דיינע דינסטמעדען:

קאפיטעל כח

1 דער רשע אַנטלויפט ווען קיינער יאָגט איהם נאָך, אָבער דיא צדיקים זענען זיכער וויא אַ יונגער לייב: 2 ווענען דיא זינד פון אַ לאַנד זענען זיירע פירשטען פילע, אָבער דורך דיא וויסענשאַפט פון אַ פערשטענדיגען מענש וועט עס פערלענגערט ווערען: 3 איין אָרעמער מאַן וואָס אונטערדריקט דיא אָרעמע לייט, איז גלייך צו אַ שטורם־רעגען וואָס לאָזט ניט איבער קיין ברויט: 4 דיא וואָס פערלאָזען דיא תּוֹרָה לויבען דעם רשע, אָבער דיא וואָס היטען דיא תּוֹרָה רייצען אָן קריג דערמיט: 5 שלעכטע מענשען פערשטעהן ניט קיין משפט, אָבער דיא וואָס זוכען דעם האַר פערשטעהן אַלעס: 6 דער אָרעמער וואָס געהט אין זיינע אויפריכטיגקייט, איז בעסער וויא דער וואָס געהט אויף פערקרימטע וועגען, האָטשע ער איז רייך: 7 דער וואָס היט דיא תּוֹרָה איז אַ קלוגער זוהן, אָבער דער וואָס בעהעפט זיך צו פרעסער דער פערשעמט זיין פאָטער: 8 דער וואָס פערמעהרט זיין רייכטום דורך צינזען אונד רְוָחִים, דער זאַמעלט עס איין פאַר דעם וואָס דערבאַרמט זיך איבער דיא אָרעמע לייט: 9 דער וואָס טהוט אַוועקקעהרען זיין אויער פון צו הערען דיא תּוֹרָה, אפילו זיין געבעט איז אויך איינע אומווערדיגקייט: 10 דער וואָס מאַכט דיא אויפריכטיגע פערפיהרען אין דעם שלעכטען וועג, דער וועט אַריינפאַלען אין זיינע אייגענע גרוב, אָבער דיא אויפריכטיגע וועלען ירשנ'ן דאָס גוטע: 11 דער רייכער מאַן איז קלוג אין זיינע אייגענע אויגען, אָבער איין אָרעמער פערשטענדיגער פאָרשט איהם אויס: 12 ווען צדיקים פרייען זיך דאָ איז גרויסע שעהנקייט, אָבער ווען דיא רשעים שטעהן אויף אַזוי מוז זיך דער מענש בעהאַלטען: 13 דער וואָס דעקט צו זיינע זינד וועט ניט בעגליקען, אָבער דער וואָס בעקענט אונד פערלאָזט זייא דער וועט האָבען דערבאַרמונג: 14 געבענשט איז דער מענש וואָס האָט תמיד מורא (פאַר גאָט), אָבער דער וואָס מאַכט האַרט זיין האַרץ וועט פאַלען אין דעם שלעכטען: 15 אַזוי וויא אַ ברומענדער לייב אונד אַ שרייענדער בער איז אַ רשע וואָס געוועלטיגט איבער איין אָרעם פאָלק: 16 אַ נגיד וואָס האָט קיין פערשטאַנד איז אויך אַ גרויסער אונטערדריקער, אָבער דער וואָס האָט פיינד גייציגקייט וועט דערלענגערן זיינע טעג: 17 אַ מענש געדריקט דורך בלוט־שולד פון אירגענד אַ נפש וועט אַנטלויפען ביז צו אַ גרוב, אונד קיינער וועט איהם ניט צוריקהאַלטען: 18 דער וואָס געהט אַרום מיט אויפריכטיגקייט דער וועט געהאָלפען ווערען, אָבער דער וואָס געהט פערקרימט אויף דאָפעלטע וועגען דער וועט אויף איינמאָל פאַלען: 19 דער וואָס בעאַרבייט זיין לאַנד דער וועט מיט ברויט זאַט ווערען, אָבער דער וואָס יאָגט נאָך לעדיג געהערס וועט גענוג אָרעמקייט האָבען: 20 אַ געטרייער מענש וועט האָבען פיל ברכות, אָבער דער וואָס איילט זיך רייך צו ווערען וועט ניט אומשולדיג בלייבען: 21 צו זיין אַ נושא פנים (אין משפט) איז ניט גוט, אָבער וועגען אַ שטיקעל ברויט טהוט אַ מענש זינדיגען: 22 דער וואָס איילט זיך רייך צו ווערען האָט אַ שלעכט אויג, אָבער ער ווייס עס ניט אַז עס וועט מינגעל קומען צו איהם: 23 ווען איינער שטראָפט אַ מענש דער וועט דערנאָך חן בייא איהם געפינען, מעהר פון דעם וואָס חנפת איהם מיט אַ גלאַטע צונג: 24 דער וואָס גזלת זיין פאָטער אונד זיינע מוטער אונד זאָגט, עס איז ניט קיינע זינד, דער איז אַ חבר צו אַ פערדאַרבענעם מענש: 25 דער וואָס האָט אַ ברייט נפש, רייצט אָן קריג, אָבער דער וואָס פערזיכערט זיך אויף דעם האַר וועט פעט ווערען: 26 דער וואָס פערזיכערט זיך אויף זיין

28 מַחְסוֹר וּמַעְלִים עֵינָיו רַב־מְאֵרוֹת׃ בְּקוּם רְשָׁעִים יִסָּתֵר
אָדָם וּבְאָבְדָם יִרְבּוּ צַדִּיקִים׃

## כט

כט

א אִישׁ תּוֹכָחוֹת מַקְשֶׁה־עֹרֶף פֶּתַע יִשָּׁבֵר וְאֵין מַרְפֵּא׃
2 בִּרְבוֹת צַדִּיקִים יִשְׂמַח הָעָם וּבִמְשֹׁל רָשָׁע יֵאָנַח עָם׃
3 אִישׁ־אֹהֵב חָכְמָה יְשַׂמַּח אָבִיו וְרֹעֶה זוֹנוֹת יְאַבֶּד־הוֹן׃
4 ה מֶלֶךְ בְּמִשְׁפָּט יַעֲמִיד אָרֶץ וְאִישׁ תְּרוּמוֹת יֶהֶרְסֶנָּה׃ גֶּבֶר
6 מַחֲלִיק עַל־רֵעֵהוּ רֶשֶׁת פּוֹרֵשׂ עַל־פְּעָמָיו׃ בְּפֶשַׁע אִישׁ
7 רָע מוֹקֵשׁ וְצַדִּיק יָרוּן וְשָׂמֵחַ׃ יֹדֵעַ צַדִּיק דִּין דַּלִּים רָשָׁע
8 לֹא־יָבִין דָּעַת׃ אַנְשֵׁי לָצוֹן יָפִיחוּ קִרְיָה וַחֲכָמִים יָשִׁיבוּ
9 אָף׃ אִישׁ־חָכָם נִשְׁפָּט אֶת־אִישׁ אֱוִיל וְרָגַז וְשָׂחַק וְאֵין
י נָחַת׃ אַנְשֵׁי דָמִים יִשְׂנְאוּ־תָם וִישָׁרִים יְבַקְשׁוּ נַפְשׁוֹ׃
11 12 כָּל־רוּחוֹ יוֹצִיא כְסִיל וְחָכָם בְּאָחוֹר יְשַׁבְּחֶנָּה׃ מֹשֵׁל
13 מַקְשִׁיב עַל־דְּבַר־שָׁקֶר כָּל־מְשָׁרְתָיו רְשָׁעִים׃ רָשׁ וְאִישׁ
14 תְּכָכִים נִפְגָּשׁוּ מֵאִיר ׀ עֵינֵי שְׁנֵיהֶם יְהוָה׃ מֶלֶךְ שׁוֹפֵט
טו בֶּאֱמֶת דַּלִּים כִּסְאוֹ לָעַד יִכּוֹן׃ שֵׁבֶט וְתוֹכַחַת יִתֵּן חָכְמָה
16 וְנַעַר מְשֻׁלָּח מֵבִישׁ אִמּוֹ׃ בִּרְבוֹת רְשָׁעִים יִרְבֶּה־פָּשַׁע
17 וְצַדִּיקִים בְּמַפַּלְתָּם יִרְאוּ׃ יַסֵּר בִּנְךָ וִינִיחֶךָ וְיִתֵּן מַעֲדַנִּים
18 לְנַפְשֶׁךָ׃ בְּאֵין חָזוֹן יִפָּרַע עָם וְשֹׁמֵר תּוֹרָה אַשְׁרֵהוּ׃
19 כ בִּדְבָרִים לֹא־יִוָּסֶר עָבֶד כִּי־יָבִין וְאֵין מַעֲנֶה׃ חָזִיתָ אִישׁ
21 אָץ בִּדְבָרָיו תִּקְוָה לִכְסִיל מִמֶּנּוּ׃ מְפַנֵּק מִנֹּעַר עַבְדּוֹ
22 וְאַחֲרִיתוֹ יִהְיֶה מָנוֹן׃ אִישׁ־אַף יְגָרֶה מָדוֹן וּבַעַל חֵמָה
23 רַב־פָּשַׁע׃ גַּאֲוַת אָדָם תַּשְׁפִּילֶנּוּ וּשְׁפַל־רוּחַ יִתְמֹךְ כָּבוֹד׃
24 חוֹלֵק עִם־גַּנָּב שׂוֹנֵא נַפְשׁוֹ אָלָה יִשְׁמַע וְלֹא יַגִּיד׃ חֶרְדַּת
25 אָדָם יִתֵּן מוֹקֵשׁ וּבוֹטֵחַ בַּיהוָה יְשֻׂגָּב׃ רַבִּים מְבַקְשִׁים
26 פְּנֵי־מוֹשֵׁל וּמֵיְהוָה מִשְׁפַּט־אִישׁ׃ תּוֹעֲבַת צַדִּיקִים אִישׁ
עָוֶל וְתוֹעֲבַת רָשָׁע יְשַׁר־דָּרֶךְ׃

זיין אייגען הארץ איז א נאר, אבער דער וואס געהט אום מיט חכמה דער וועט אנטרינען: 27 דער וואס גיט צו דעם ארעמען דעם וועט ניט פעהלען, אבער דער וואס בעהאלט זיינע אויגען וועט האבען פילע קללות: 28 ווען דיא רשעים שטעהן אויף אזוי בעהאלטען זיך דיא מענשען, אונד ווען זייא ווערען פערלוירען אזוי פערמעהרען זיך דיא צדיקים:

## קאפיטעל כט

1 א מענש וואס מען דארף שטראפען, אונד מאכט הארט זיין נאקען, דער וועט פלוצלינג צובראכען ווערען, אונד ער וועט ניט מעהר געהיילט: 2 ווען דיא צדיקים פערמעהרען זיך אזוי פרייעט זיך דאס פאלק, אבער ווען א רשע געוועלטיגט אזוי זיפצט דאס פאלק: 3 א מענש וואס האט ליב חכמה דערפרייעט זיין פאטער, אבער דער וואס בעהעפט זיך צו זונות פערלירט זיין פערמעגען: 4 דורך משפט מאכט דער קעניג דאס לאנד בעשטעהן, אבער דער וואס נעמט תרומות צופיהרט עס: 5 א מענש וואס שמייכעלט זיין חבר שפרייט אוים א נעץ פאר זיינע טריט:

6 אין דער זינד פון א שלעכטען מענש איז א שטרויכלונג, אבער דער צדיק זינגט אונד פרייעט זיך: 7 דער צדיק ווייסט דעם דין פון דיא ארעמע לייט, אבער דער רשע פערשטעהט קיינע וויסענשאפט: 8 שפעטישע לייט מאכען פלאמען אין דיא שטאט, אבער דיא חכמים קעהרען צוריק דעם צארן: 9 ווען א קלוגער מאן ווערט געמשפט מיט א נארישען מענש, אויב ער צארנט אדער לאכט דאך איז קיין נחת ניט דא: 10 דיא בלוטשולדיגע מענשען האבען פיינד דעם אויפריכטיגען, אבער דיא רעכטפארטיגע זוכען זיין נפש: 11 א נאר ציהט ארוים זיין גאנצעס געמיט, אבער דער חכם האלט איהם צוריק ביז צום סוף: 12 א געוועלטיגער וואס הערט אויף פאלשע ווערטער, אזוי זענען אלע זיינע משרתים רשעים: 13 ווען דער ארעמער אונד א בעטריגערישער מאן בעגעגנען זיך, אזוי טהוט דער האר דערלייכטען דיא אויגען פון זייא ביידע: 14 דער מלך וואס משפט דיא ארעמע מיט אמת, זיין טראן־שטוהל וועט זיין אנגעברייט ביז אויף עביג: 15 דיא רוט אונד שטראף גיט חכמה, אבער א וועקגעשיקטער יונג פערשעמט זיינע מוטער: 16 ווען דיא רשעים פערמעהרען זיך אזוי פערמעהרט זיך דיא זינד, אבער דיא צדיקים וועלען אנזעהן זייערע מפלה: 17 שטראף דיין זוהן אזוי וועט ער דיר געבען רוה, אונד ער וועט פערגעניגען מאכען צו דיין נפש: 18 ווען עס איז ניט דא קיינע נבואה אזוי ווערט דאס פאלק ווילד, אבער געבענשט איז דער וואס היט דיא תורה: 19 א קנעכט ווערט ניט געשטראפט דורך ווערטער, חאטשע ער פערשטעהט זייא דאך גיט ער קיינע ענטפער: 20 ווען דו זעהסט א מענש וואס איז איילינג אין זיינע ווערטער, עס איז מעהר האפנונג צו א נאר וויא אויף איהם: 21 דער וואס טהוט אן תענוגים צו זיין קנעכט פון יוגענד אן, ער וועט זיין צום סוף וויא זיין זוהן: 22 א צארניגער מענש רייצט אן קריג, אונד א מאן פון גרימצארן ברענגט פיל זינד: 23 דיא גאוה פון דעם מענש וועט איהם ארופברענגען (נידעריג), אבער א נידעריגעס געמיט וועט דער כבוד אונטערלעהנען: 24 דער וואס האט א חלק מיט א גנב האט זיך זעלבסט פיינד, ער הערט קללות אונד זאגט עס ניט אוים: 25 דיא ציטערניס פון א מענש ברענגט א שטרויכלונג, אבער דער וואס פערזיכערט זיך אויף דעם האר וועט געשטארקט ווערען: 26 פילע זוכען דאס פנים פון א געוועלטיגען, אבער פון דעם האר איז דאס משפט פון א מענש: 27 איין אומגערעכטער מענש איז איינע אומווערדיגקייט צו דיא צדיקים, אבער דער וואס געהט אויף דעם רעכטפארטיגען וועג איז איינע אומווערדיגקייט צו דעם רשע!

## קאפיטעל ל

1 דִיא װֶערְטֶער פוּן אָגוּר בֶּן יָקֶה—דִיא
נְבוּאָה הָאט גֶעזָאגְט דֶער מַאן צוּ אִיתִיאֵל,
צוּ אִיתִיאֵל אוּנְד אֻכָל׃ 2 אִיךְ בִּין מֶעהְר
בְּהֵמָה װִיא אַ מֶענְשׁ, אוּנְד עֶס אִיז נִיט אִין
מִיר קֵיין מֶענְשֶׁענְ׳ס פֶערְשְׁטַאנְד׃ 3 אוּנְד
אִיךְ הָאבּ אוֹיךְ נִיט גֶעלֶערְנְט חָכְמָה, אוּנְד
װֵיים אוֹיךְ קֵיינֶע װִיסֶענְשַׁאפְט פוּן דִיא
הֵיילִיגֶע׃ 4 װֶער אִיז אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען אִין
דֶעם הִימֶעל אוּנְד אַרוּפְגֶעקוּמֶען? װֶער
הָאט אֵיינְגֶעזַאמֶעלְט דֶעם װִינְד אִין זֵיינֶע
פוֹיסְט? װֶער הָאט אֵיינְגֶעבּוּנְדֶען דִיא
װַאסֶער אִין אַ קְלֵייד? װֶער הָאט אוֹיפְגֶע־
שְׁטֶעלְט אַלֶע עֶקֶען פוּן דֶער עֶרְד? װִיא
הֵייסְט עֶר, אוּנְד װִיא הֵייסְט זֵיין זוּהְן, װֵייסְט
דוּא דָאס? 5 אַלֶע װֶערְטֶער פוּן גָאט זֶענֶען
גֶעלֵייטֶערְט, עֶר אִיז אַ שִׁילְד צוּ דִיא װָאס
בֶּעשִׁיצֶען זִיךְ אָן אִיהְם׃ 6 דוּא זָאלְסְט נִיט
צוּטְהוּן צוּ זֵיינֶע װֶערְטֶער, װָארִין טָאמֶער
װֶעט עֶר דִיךְ שְׁטְרָאפֶען אוּנְד דוּא װֶעסְט
פַאר אַ לִיגְנֶער גֶעפוּנֶען װֶערֶען׃ 7 צְװֵייא
זַאכֶען הָאבּ אִיךְ גֶעבֶּעטֶען פוּן דִיר, דוּא
זָאלְסְט עֶס נִיט פוּן מִיר פֶערְמֵיידֶען, אֵיידֶער
אִיךְ װֶעל שְׁטַארְבֶּען׃ 8 פַאלְשְׁהֵייט אוּנְד
לִיגֶען זָאלְסְט דוּא פוּן מִיר דֶערְװֵייטֶערְן, דוּא זָאלְסְט מִיר נִיט גֶעבֶּען קֵיינֶע אָרֶעמְקֵייט
אָדֶער רֵייכְטוּם, נֵייעֶרְט שְׁפֵּייז מִיךְ מִיט מֵיין גֶעזֶעצְלִיכֶעס בְּרוֹיט׃ 9 װָארִין טָאמֶער װֶעל אִיךְ
צוּ זַאט װֶערֶען אוּנְד דִיךְ פֶערְלֵייקֶענֶען, אוּנְד אִיךְ װֶעל זָאגֶען, װֶער אִיז דֶער הַאר? אָדֶער טָא־
מֶער װֶען אִיךְ בִּין פֶערְאָרֶעמְט אוּנְד אִיךְ װֶעל גַנְבֶ׳נֶען, אוּנְד אִיךְ װֶעל דֶעם נָאמֶען פוּן מֵיין
גָאט אָנְנֶעמֶען צוּ פַאלְשְׁקֵייט׃ 10 דוּא זָאלְסְט נִיט בֶּעשׁוּלְדִיגֶען אַ קְנֶעכְט צוּ זֵיין הַאר, װָארִין
טָאמֶער װֶעט עֶר דִיךְ שֶׁעלְטֶען אוּנְד דוּא װֶעסְט דֶערְפַאר שׁוּלְדִיג זֵיין׃ 11 עֶס אִיז דָא אַ
דוֹר װָאס שֶׁעלְט זֵייעֶר פָאטֶער, אוּנְד זֵיירֶע מוּטֶער בֶּענְשֶׁען זֵייא נִיט׃ 12 עֶס אִיז דָא אַ
דוֹר װָאס זֶענֶען רֵיין אִין זֵיירֶע אֵיינֶענֶע אוֹיגֶען, אָבֶּער פוּן זֵייעֶר שְׁמוּץ זֶענֶען זֵייא נִיט
אָפְּגֶעװַאשֶׁען׃ 13 עֶס אִיז דָא אַ דוֹר, אוֹי װִיא הוֹיךְ זֶענֶען זֵיירֶע אוֹיגֶען! אוּנְד זֵיירֶע אוֹי־
גֶענְבְּרֶעמֶען זֶענֶען דֶערְהוֹיבֶּען׃ 14 עֶס אִיז דָא אַ דוֹר װָאס זֵיירֶע צֵיין זֶענֶען אַזוֹי װִיא
שְׁװֶערְדֶער, אוּנְד זֵיירֶע בַּאקְצֵיין אַזוֹי װִיא מֶעסֶער, כְּדֵי דִיא אָרֶעמֶע פוּן דֶעם לַאנְד
אוֹיפְצוּעֶסֶען, אוּנְד דִיא בֶּעדַארְפְטִיגֶע פוּן דִיא מֶענְשֶׁען׃ 15 דִיא בְּלוּט־זֵייגֶערִין הָאט צְװֵייא
טֶעכְטֶער װָאס שְׁרֵייעֶן, גֶעבּ אַהֶער! גֶעבּ אַהֶער! דְרֵייא זַאכֶען זֶענֶען דָא װָאס קֶענֶען נִיט
זַאט װֶערֶען, יוֹא, פִיעֶר זָאגֶען, מִיר הָאבֶּען נִיט גֶענוּג פֶערְמֶעגֶען! 16 דֶער שְׁאוֹל, אוּנְד דִיא
פֶערְשְׁלָאסֶענֶע גֶעבֶּערְמוּטֶער, דִיא עֶרְד װָאס װֶערְט נִיט זַאט פוּן װַאסֶער, אוּנְד דָאס פֵייעֶר
זָאגֶען נִיט עֶס אִיז גֶענוּג׃ 17 דָאס אוֹיג װָאס שְׁפָּאט פוּן זֵיין פָאטֶער, אוּנְד װָאס אִיז מְבַזֶה
צוּ גֶעהָארְכֶען דִיא מוּטֶער, דָאס װֶעלֶען דִיא רָאבֶּען פוּן דֶעם טֵייךְ אוֹיסְפִּיקֶען, אוּנְד דִיא
יוּנְגֶע אָדְלֶערְ׳ס װֶעלֶען עֶס אוֹיפְעֶסֶען׃ 18 דְרֵייא זַאכֶען זֶענֶען דָא װָאס זֶענֶען צוּ װְאוּנְדֶערְלִיךְ
פַאר מִיר, אוּנְד פִיעֶר װָאס אִיךְ קֶען זֵייא נִיט װִיסֶען׃ 19 דֶעם װֶעג פוּן אֵיין אָדְלֶער (װָאס
פְלִיהְט) צוּ דֶעם הִימֶעל; דֶעם װֶעג פוּן אַ שְׁלַאנְג אוֹיף אַ פֶעלְזֶען־שְׁטֵיין; דֶעם װֶעג פוּן אַ
שִׁיף אִין מִיטֶען פוּן דֶעם יַם; אוּנְד דֶעם װֶעג פוּן אַ מַאן מִיט אַ יוּנְגְפְרוֹיא׃ 20 אַזוֹי אִיז
אוֹיךְ דֶער װֶעג פוּן אַ װֵייבּ װָאס אִיז מְנַאֶפֶת, זִיא עֶסְט אוּנְד װִישְׁט זִיךְ אָפּ אִיהְר מוֹיל, אוּנְד
זִיא זָאגְט, אִיךְ הָאבּ קֵיין אוּמְרֶעכְט גֶעטְהוּן׃ 21 װֶעגֶען דְרֵייא זַאכֶען צִיטֶערְט דִיא עֶרְד,
אוּנְד װֶעגֶען פִיעֶר קֶען זִיא עֶס נִיט דֶערְטְרָאגֶען (אוֹיסְהַאלְטֶען)׃ 22 װֶעגֶען אַ קְנֶעכְט װֶען
עֶר רֶעגִיעֶרְט, אוּנְד אַ נַאר װֶען עֶר אִיז זַאט מִיט בְּרוֹיט׃ 23 װֶעגֶען אַ גֶעהַאסְטֶע פְרוֹיא
װֶען זִיא אִיז פֶערְהֵיירַאט, אוּנְד װֶעגֶען אַ דִינְסְטמוֹיד װָאס אִיז אַ יוֹרֵשׁ פוּן אִיהְרֶע הַארְנְטֶע׃
24 עֶס זֶענֶען דָא פִיעֶר זַאכֶען װָאס זֶענֶען קְלֵיין אוֹיף דֶער עֶרְד, אָבֶּער זֵייא זֶענֶען זֶעהְר קְלוּג׃

ל ל

דִּבְרֵי ׀ אָגוּר בִּן־יָקֶה הַמַּשָּׂא נְאֻם הַגֶּבֶר לְאִיתִיאֵל לְאִיתִיאֵל א
וְאֻכָל׃ כִּי בַעַר אָנֹכִי מֵאִישׁ וְלֹא־בִינַת אָדָם לִי׃ וְלֹא־ 2 3
לָמַדְתִּי חָכְמָה וְדַעַת קְדֹשִׁים אֵדָע׃ מִי עָלָה־שָׁמַיִם ׀ וַיֵּרַד 4
מִי אָסַף־רוּחַ ׀ בְּחָפְנָיו מִי צָרַר־מַיִם ׀ בַּשִּׂמְלָה מִי הֵקִים
כָּל־אַפְסֵי־אָרֶץ מַה־שְּׁמוֹ וּמַה־שֶּׁם־בְּנוֹ כִּי תֵדָע׃ כָּל־ ה
אִמְרַת אֱלוֹהַּ צְרוּפָה מָגֵן הוּא לַחֹסִים בּוֹ׃ אַל־תּוֹסְףְּ 6
עַל־דְּבָרָיו פֶּן־יוֹכִיחַ בְּךָ וְנִכְזָבְתָּ׃ שְׁתַּיִם שָׁאַלְתִּי 7
מֵאִתָּךְ אַל־תִּמְנַע מִמֶּנִּי בְּטֶרֶם אָמוּת׃ שָׁוְא ׀ וּדְבַר־כָּזָב 8
הַרְחֵק מִמֶּנִּי רֵאשׁ וָעֹשֶׁר אַל־תִּתֶּן־לִי הַטְרִיפֵנִי לֶחֶם חֻקִּי׃
פֶּן אֶשְׂבַּע ׀ וְכִחַשְׁתִּי וְאָמַרְתִּי מִי יְהוָה וּפֶן־אִוָּרֵשׁ וְגָנַבְתִּי 9
וְתָפַשְׂתִּי שֵׁם אֱלֹהָי׃ אַל־תַּלְשֵׁן עֶבֶד אֶל־אֲדֹנָו פֶּן־ י
יְקַלֶּלְךָ וְאָשָׁמְתָּ׃ דּוֹר אָבִיו יְקַלֵּל וְאֶת־אִמּוֹ לֹא יְבָרֵךְ׃ 11
דּוֹר טָהוֹר בְּעֵינָיו וּמִצֹּאָתוֹ לֹא רֻחָץ׃ דּוֹר מָה־רָמוּ עֵינָיו 12 13
וְעַפְעַפָּיו יִנָּשֵׂאוּ׃ דּוֹר ׀ חֲרָבוֹת שִׁנָּיו וּמַאֲכָלוֹת מְתַלְּעֹתָיו 14
לֶאֱכֹל עֲנִיִּים מֵאֶרֶץ וְאֶבְיוֹנִים מֵאָדָם׃ לַעֲלוּקָה ׀ טו
שְׁתֵּי בָנוֹת הַב ׀ הַב שָׁלוֹשׁ הֵנָּה לֹא תִשְׂבַּעְנָה אַרְבַּע לֹא־
אָמְרוּ הוֹן׃ שְׁאוֹל וְעֹצֶר רָחַם אֶרֶץ לֹא־שָׂבְעָה מַּיִם וְאֵשׁ 16
לֹא־אָמְרָה הוֹן׃ עַיִן ׀ תִּלְעַג לְאָב וְתָבוּז לִיקֲּהַת־אֵם יִקְּרוּהָ 17
עֹרְבֵי־נַחַל וְיֹאכְלוּהָ בְנֵי־נָשֶׁר׃ שְׁלֹשָׁה הֵמָּה נִפְלְאוּ 18
מִמֶּנִּי וְאַרְבָּעָ לֹא יְדַעְתִּים׃ דֶּרֶךְ הַנֶּשֶׁר ׀ בַּשָּׁמַיִם דֶּרֶךְ 19
נָחָשׁ עֲלֵי־צוּר דֶּרֶךְ־אֳנִיָּה בְלֶב־יָם וְדֶרֶךְ גֶּבֶר בְּעַלְמָה׃
כֵּן ׀ דֶּרֶךְ אִשָּׁה מְנָאָפֶת אָכְלָה וּמָחֲתָה פִיהָ וְאָמְרָה לֹא־ כ
פָעַלְתִּי אָוֶן׃ תַּחַת שָׁלוֹשׁ רָגְזָה אֶרֶץ וְתַחַת אַרְבַּע 21
לֹא־תוּכַל שְׂאֵת׃ תַּחַת עֶבֶד כִּי יִמְלוֹךְ וְנָבָל כִּי יִשְׂבַּע־ 22
לָחֶם׃ תַּחַת שְׂנוּאָה כִּי תִבָּעֵל וְשִׁפְחָה כִּי־תִירַשׁ גְּבִרְתָּהּ׃ 23
אַרְבָּעָה הֵם קְטַנֵּי־אָרֶץ וְהֵמָּה חֲכָמִים מְחֻכָּמִים׃ 24

כה 26 הַנְּמָלִים עַם לֹא־עָז וַיָּכִינוּ בַקַּיִץ לַחְמָם׃ שְׁפַנִּים עַם לֹא־
27 עָצוּם וַיָּשִׂימוּ בַסֶּלַע בֵּיתָם׃ מֶלֶךְ אֵין לָאַרְבֶּה וַיֵּצֵא חֹצֵץ
28 כֻּלּוֹ׃ שְׂמָמִית בְּיָדַיִם תְּתַפֵּשׂ וְהִיא בְּהֵיכְלֵי מֶלֶךְ׃
29 ל שְׁלֹשָׁה הֵמָּה מֵיטִיבֵי צָעַד וְאַרְבָּעָה מֵיטִבֵי לָכֶת׃ לַיִשׁ
31 גִּבּוֹר בַּבְּהֵמָה וְלֹא־יָשׁוּב מִפְּנֵי־כֹל׃ זַרְזִיר מָתְנַיִם אוֹ־תָיִשׁ
32 וּמֶלֶךְ אַלְקוּם עִמּוֹ׃ אִם־נָבַלְתָּ בְהִתְנַשֵּׂא וְאִם־זַמּוֹתָ יָד
33 לְפֶה׃ כִּי מִיץ חָלָב יוֹצִיא חֶמְאָה וּמִיץ־אַף יוֹצִיא דָם וּמִיץ
אַפַּיִם יוֹצִיא רִיב׃

## לא לא

2 א דִּבְרֵי לְמוּאֵל מֶלֶךְ מַשָּׂא אֲשֶׁר־יִסְּרַתּוּ אִמּוֹ׃ מַה־בְּרִי
3 וּמַה־בַּר־בִּטְנִי וּמֶה בַּר־נְדָרָי׃ אַל־תִּתֵּן לַנָּשִׁים חֵילֶךָ
4 וּדְרָכֶיךָ לַמְחוֹת מְלָכִין׃ אַל לַמְלָכִים ׀ לְמוֹאֵל אַל לַמְלָכִים
ה שְׁתוֹ־יָיִן וּלְרוֹזְנִים אֵו שֵׁכָר׃ פֶּן־יִשְׁתֶּה וְיִשְׁכַּח מְחֻקָּק
6 וִישַׁנֶּה דִּין כָּל־בְּנֵי־עֹנִי׃ תְּנוּ־שֵׁכָר לְאוֹבֵד וְיַיִן לְמָרֵי נָפֶשׁ׃
7 8 יִשְׁתֶּה וְיִשְׁכַּח רִישׁוֹ וַעֲמָלוֹ לֹא יִזְכָּר־עוֹד׃ פְּתַח־פִּיךָ
9 לְאִלֵּם אֶל־דִּין כָּל־בְּנֵי חֲלוֹף׃ פְּתַח־פִּיךָ שְׁפָט־צֶדֶק וְדִין
י עָנִי וְאֶבְיוֹן׃ אֵשֶׁת־חַיִל מִי יִמְצָא וְרָחֹק מִפְּנִינִים
11 12 מִכְרָהּ׃ בָּטַח בָּהּ לֵב בַּעְלָהּ וְשָׁלָל לֹא יֶחְסָר׃ גְּמָלַתְהוּ
13 טוֹב וְלֹא־רָע כֹּל יְמֵי חַיֶּיהָ׃ דָּרְשָׁה צֶמֶר וּפִשְׁתִּים וַתַּעַשׂ
14 בְּחֵפֶץ כַּפֶּיהָ׃ הָיְתָה כָּאֳנִיּוֹת סוֹחֵר מִמֶּרְחָק תָּבִיא לַחְמָהּ׃
טו וַתָּקָם ׀ בְּעוֹד לַיְלָה וַתִּתֵּן טֶרֶף לְבֵיתָהּ וְחֹק לְנַעֲרֹתֶיהָ׃
16 זָמְמָה שָׂדֶה וַתִּקָּחֵהוּ מִפְּרִי כַפֶּיהָ נָטַע כָּרֶם׃
17 18 חָגְרָה בְעוֹז מָתְנֶיהָ וַתְּאַמֵּץ זְרֹעוֹתֶיהָ׃ טָעֲמָה כִּי־טוֹב סַחְרָהּ
19 לֹא־יִכְבֶּה בַלַּיְל נֵרָהּ׃ יָדֶיהָ שִׁלְּחָה בַכִּישׁוֹר וְכַפֶּיהָ
כ תָּמְכוּ פָלֶךְ׃ כַּפָּהּ פָּרְשָׂה לֶעָנִי וְיָדֶיהָ שִׁלְּחָה לָאֶבְיוֹן׃
21 לֹא־תִירָא לְבֵיתָהּ מִשָּׁלֶג כִּי כָל־בֵּיתָהּ לָבֻשׁ שָׁנִים׃
22 23 מַרְבַדִּים עָשְׂתָה־לָּהּ שֵׁשׁ וְאַרְגָּמָן לְבוּשָׁהּ׃ נוֹדָע בַּשְּׁעָרִים

25 דיא אמייזען זענען ניט א שטארק
פאלק, אונד (פון דעסטוועגען) בריטען
זייא אן אים זומער זייערע שפייז׃ 26 דיא
קראלעקעס זענען אויך ניט א שטארק
פאלק, אונד דאך מאכען זייא זייער הויז
אין א פעלזען־שטיין׃ 27 חאטשע דיא
היישעריקען האבען קיין קעניג, דאך גע־
העז זייא אלע ארויס זויא א חיל׃ 28 דיא
שפין האפט זיך אן (אזוי זויא) מיט הענד,
אונד זיא וואוינט דאך אין דיא פאלאסטען
פון א מלך׃ 29 עס זענען דא דרייא וואס
האבען א גוטען שריט, יא, פיער וואס
מאכען איהר גאנג גוט׃ 30 דער לייב,
וואס איז דער שטארקסטער צווישען דיא
חיות, ער קעהרט זיך ניט אום פאר קיינעם׃
31 דער יאג־הונד (אדער א מלחמה־פערד),
אדער א באק, אונד דער מלך פאר וועמען
קיינער קען ניט בעשטעהן׃ 32 ווען דוא
ביזט געוועזען נאריש, ווייל דוא האסט דיך
דערהויבען, אדער ווען דוא האסט גע־
טראכט שלעכטעס, אזוי לעג דיינע האנד
אויף דיין מויל׃ 33 ווארין ווען מען
קוועטשט דיא מילך קומט ארויס פוטער,
אונד ווען מען קוועטשט דיא נאז אזוי
קומט ארויס בלוט, אונד אזוי אויך ווען מען קוועטשט דעם צארן אזוי קומט ארויס קריג׃

## קאפיטעל לא

1 דיא ווערטער פון דעם מלך למואל—דיא נבואה דאס זיינע מוטער האט איהם געלערנט׃
2 א, וואס איז מיין זוהן? אונד וואס איז דער זוהן פון מיין בויך? אונד וואס איז דער
זוהן פון מיינע נדרים? 3 דוא זאלסט ניט געבען דיין כח צו דיא ווייבער, אונד אויך ניט
דיינע וועגען כדי אפצומעקען (אדער צו פערטילגען) קעניגע׃ 4 עס איז ניט גוט פאר
קעניגע, א למואל! ניט פאר קעניגע צו טרינקען וויין, אויך ניט פאר פירשטען שטארקע
געטרענק צו טרינקען׃ 5 ווארין טאמער ווען זייא טרינקען אונד זייא וועלען פערגעסען
דאס געזעץ, אונד זייא וועלען פערענדערן דעם דין פון אלע ארעמע קינדער׃ 6 גיב
שטארקע געטרענק צו דעם וואס איז נאהענט פערלוירען צו ווערען, אונד וויין צו דעם
וואס האט א ביטער געמיט׃ 7 לאז אזאלכער טרינקען אונד פערגעסען זיינע ארעמקייט,
אונד לאז ער ניט מעהר געדענקען אן זיינע מידיגקייט׃ 8 מאך אויף דיין מויל פאר דעם
שטומען, אין דעם דין פאר אלע קינדער וואס זייער הילף איז פערמיטען געווארען׃
9 מאך אויף דיין מויל, אונד משפט מיט גערעכטיגקייט אין דעם דין פון דעם ארעמען
אונד דעם עלענדען׃ 10 ווער קען געפינען א פרומע פרויא? איהר קויפפרייז איז פיל
טייערער זויא פערל׃ 11 דאס הארץ פון איהר מאן פערטרויעט אין איהר, אונד עס פעהלט
איהם ניט פון דעם זאקרויב׃ 12 זיא טהוט נאר גוטעס פערגעלטען אונד קיין שלעכטעס
אלע איהרע לעבענס טעג׃ 13 זיא זוכט אויס וואל אונד פלאקס, אונד זיא האט לוסט צו
ארבייטען מיט איהרע הענד׃ 14 זיא איז גלייך זויא א שיף פון א סוחר, זיא ברענגט פון ווייי־
טען איהרע שפייזען׃ 15 זיא שטעהט אויף ווען עס איז נאך נאכט, אונד זיא געט שפייז
צו איהר הויזגעזינד, אונד א בעשטימט חלק צו איהרע יונגפרויען׃ 16 זיא בעטראכט א
פעלד, אונד זיא קויפט עס, מיט דיא פירות פון איהרע הענד פלאנצט זיא א וויינגארטען׃
17 זיא גארטעלט אן מיט שטארקהייט איהרע לענדען, אונד זיא שטארקט איהרע
ארעמס׃ 18 זיא פערשפיערט אז איהרע סחורה איז גוט, איהר ליכט פערלעשט ניט בייא
נאכט? 19 זיא שטרעקט אויס איהרע הענד צו דעם שפינראד, אונד איהרע הענד נעמען
אן דעם שפינדעל׃ 20 זיא שפרייט אויס איהרע הענד צו דיא ארעמע לייט, אונד זיא
שטרעקט אויס איהרע הענד צו דיא בעדארפטיגע׃ 21 זיא האט קיין מורא פאר דעם
שנע ווענען איהר הויזגעזינד, ווארין איהר גאנץ הויזגעזינד זענען אנגעקלייד מיט רויטע

בַּעְלָהּ בְּשִׁבְתּוֹ עִם־זִקְנֵי־אָרֶץ׃ סָדִין עָשְׂתָה וַתִּמְכֹּר וַחֲגוֹר 24
נָתְנָה לַכְּנַעֲנִי׃ עֹז־וְהָדָר לְבוּשָׁהּ וַתִּשְׂחַק לְיוֹם אַחֲרוֹן׃ כה
פִּיהָ פָּתְחָה בְחָכְמָה וְתוֹרַת־חֶסֶד עַל־לְשׁוֹנָהּ׃ צוֹפִיָּה 26 27
הֲלִיכוֹת בֵּיתָהּ וְלֶחֶם עַצְלוּת לֹא תֹאכֵל׃ קָמוּ בָנֶיהָ 28
וַיְאַשְּׁרוּהָ בַּעְלָהּ וַיְהַלְלָהּ׃ רַבּוֹת בָּנוֹת עָשׂוּ חָיִל וְאַתְּ עָלִית 29
עַל־כֻּלָּנָה׃ שֶׁקֶר הַחֵן וְהֶבֶל הַיֹּפִי אִשָּׁה יִרְאַת־יְהוָה הִיא ל
תִתְהַלָּל׃ תְּנוּ־לָהּ מִפְּרִי יָדֶיהָ וִיהַלְלוּהָ בַשְּׁעָרִים מַעֲשֶׂיהָ׃ 31

## חזק

סכום פסוקים של ספר משלי. תשע מאות וחמשה עשר. ותשר דבורה סימן. וחציו לפני שבר גאון. וסדריו שמונה. או תלך לבטח דרכך סימן:

(אָזֶער דָאפֶּעלְטֶע קְלֵיידֶער)׃ 22 זִיא
הָאט זִיךְ גֶעמַאכְט דֶעקֶען, פֵיינֶע לֵיינֶע־
וַואנְד אוּנְד פּוּרְפֶּעל זֶענֶען אִיהְרֶע
קְלֵיידֶער׃ 23 אִיהְר מַאן אִיז (גוּט)
בֶּעקַאנְט אִין דִיא טוֹיעֶרְן, וֶוען עֶר זִיצְט
צְווִישֶׁען דִיא עֶלְצְטֶע פוּן דֶעם לַאנְד׃
24 זִיא מַאכְט פֵיינֶע לֵיילֶעכֶער אוּנְד
פֶערְקוֹיפְט זֵייא, אוּנְד זִיא גֶעט גַארְטֶעל
צוּ דִיא סוֹחֲרִים׃ 25 שְׁטַארְקְהֵייט אוּנְד
שֶׁעהְנְקֵייט זֶענֶען אִיהְרֶע קְלֵיידֶער, אוּנְד
זִיא פְרֵייעֶט זִיךְ בִּיז אוֹיף דֶעם לֶעצְטֶען
טָאג׃ 26 זִיא מַאכְט אוֹיף אִיהְר מוֹיל
מִיט חָכְמָה, אוּנְד דִיא תּוֹרָה פוּן חֶסֶד אִיז אוֹיף אִיהְרֶע צוּנְג׃ 27 זִיא גֶעט גוּט
אַכְטוּנְג אוֹיף דֶעם צוּגַאנְג פוּן אִיהְר הוֹיזְגֶעזִינְד, זִיא עֶסְט נִיט דָאס בְּרוֹיט פוּן פוֹילְהֵייט׃
28 אִיהְרֶע קִינְדֶער שְׁטֶעהֶען אוֹיף אוּנְד בֶּענְשֶׁען זִיא, אוֹיךְ אִיהְר מַאן טְהוּט זִיא
לוֹיבֶּען׃ 29 פִילֶע טֶעכְטֶער הָאבֶּען מֶעכְטִיגֶעס גֶעטְהוּן, אָבֶּער דוּא אִיבֶּערְשְׁטֵייגְסְט
זֵייא אַלֶע׃ 30 דֶער חֵן אִיז פַאלְשׁ, אוּנְד שֶׁעהְנְקֵייט אִיז נַארִישׁ, אָבֶּער אַ פְרוֹיא וָואס
הָאט מוֹרָא פַאר דֶעם הַאר, אַזָאלְכֶע וֶוערְט גֶעלוֹיבְּט׃ 31 גֶעט צוּ אִיהְר פוּן דִיא
פֵּירוֹת פוּן אִיהְרֶע הֶענְד, אוּנְד לָאזֶען זִיא אִיהְרֶע אֵייגֶענֶע מַעֲשִׂים לוֹיבֶּען אִין
דִיא טוֹיעֶרְן׃

## חזק

אַלֶע פסוקים פֿון דעם ספר משלי זענען ניין הונדערט אונד פֿופֿצעהן; דיא העלפֿט דערפֿון איז קאפיטעל ט"ז י"ח; אונד עס האט אים גאנצען איין אונד דרייסיג קאפיטעל.

---

# ספר איוב

א אִישׁ הָיָה בְאֶרֶץ־עוּץ אִיּוֹב שְׁמוֹ וְהָיָה ׀ הָאִישׁ הַהוּא תָּם
2 וְיָשָׁר וִירֵא אֱלֹהִים וְסָר מֵרָע׃ וַיִּוָּלְדוּ לוֹ שִׁבְעָה בָנִים
3 וְשָׁלוֹשׁ בָּנוֹת׃ וַיְהִי מִקְנֵהוּ שִׁבְעַת אַלְפֵי־צֹאן וּשְׁלֹשֶׁת
אַלְפֵי גְמַלִּים וַחֲמֵשׁ מֵאוֹת צֶמֶד־בָּקָר וַחֲמֵשׁ מֵאוֹת
אֲתוֹנוֹת וַעֲבֻדָּה רַבָּה מְאֹד וַיְהִי הָאִישׁ הַהוּא גָּדוֹל מִכָּל־
4 בְּנֵי־קֶדֶם׃ וְהָלְכוּ בָנָיו וְעָשׂוּ מִשְׁתֶּה בֵּית אִישׁ יוֹמוֹ
וְשָׁלְחוּ וְקָרְאוּ לִשְׁלֹשֶׁת אַחְיֹתֵיהֶם לֶאֱכֹל וְלִשְׁתּוֹת עִמָּהֶם׃
ה וַיְהִי כִּי הִקִּיפוּ יְמֵי הַמִּשְׁתֶּה וַיִּשְׁלַח אִיּוֹב וַיְקַדְּשֵׁם וְהִשְׁכִּים
בַּבֹּקֶר וְהֶעֱלָה עֹלוֹת מִסְפַּר כֻּלָּם כִּי אָמַר אִיּוֹב אוּלַי
חָטְאוּ בָנַי וּבֵרְכוּ אֱלֹהִים בִּלְבָבָם כָּכָה יַעֲשֶׂה אִיּוֹב כָּל־
6 הַיָּמִים׃ וַיְהִי הַיּוֹם וַיָּבֹאוּ בְּנֵי הָאֱלֹהִים לְהִתְיַצֵּב עַל־יְהוָה
7 וַיָּבוֹא גַם־הַשָּׂטָן בְּתוֹכָם׃ וַיֹּאמֶר יְהוָה אֶל־הַשָּׂטָן מֵאַיִן
תָּבֹא וַיַּעַן הַשָּׂטָן אֶת־יְהוָה וַיֹּאמַר מִשּׁוּט בָּאָרֶץ וּמֵהִתְהַלֵּךְ
8 בָּהּ׃ וַיֹּאמֶר יְהוָה אֶל־הַשָּׂטָן הֲשַׂמְתָּ לִבְּךָ עַל־עַבְדִּי אִיּוֹב
כִּי אֵין כָּמֹהוּ בָּאָרֶץ אִישׁ תָּם וְיָשָׁר יְרֵא אֱלֹהִים וְסָר
9 מֵרָע׃ וַיַּעַן הַשָּׂטָן אֶת־יְהוָה וַיֹּאמַר הַחִנָּם יָרֵא אִיּוֹב
י אֱלֹהִים׃ הֲלֹא־אַתָּ שַׂכְתָּ בַעֲדוֹ וּבְעַד־בֵּיתוֹ וּבְעַד כָּל־
אֲשֶׁר־לוֹ מִסָּבִיב מַעֲשֵׂה יָדָיו בֵּרַכְתָּ וּמִקְנֵהוּ פָּרַץ בָּאָרֶץ׃
11 וְאוּלָם שְׁלַח־נָא יָדְךָ וְגַע בְּכָל־אֲשֶׁר־לוֹ אִם־לֹא עַל־פָּנֶיךָ
12 יְבָרְכֶךָּ׃ וַיֹּאמֶר יְהוָה אֶל־הַשָּׂטָן הִנֵּה כָל־אֲשֶׁר־לוֹ בְּיָדֶךָ

1 עס איז געווען אַ מאַן אין דעם לאַנד
עוץ, ער האָט געהייסען איוב, און דער
דאָזיגער מאַן איז געווען פֿרום און
רעכטפֿאַרטיג, און ער האָט מורא גע־
האַט פֿאַר גאָט, און ער האָט זיך
אָפּגעקעהרט פֿון דעם שלעכטען:
2 און צו איהם זענען געבוירען
געוואָרען זיבען זיהן און דריי טעכ־
טער: 3 און זיין פֿערמעגען איז
געוועזען זיבען טויזענד שאָף, און
דריי טויזענד קעמעל, און פֿינף
הונדערט פּאָר רינדער, און פֿינף
הונדערט עזעלינען, און זעהר פֿילע
קנעכט, און דער דאָזיגער מאַן איז
געוועזען גרעסער (רייכער) פֿון אַלע
קינדער פֿון מזרח־זייט: 4 און זיינע
זיהן זענען אַהינגעגאַנגען און האָבען
געמאַכט אַ סעודה איטליכער אין זיין טאָג, און זיי האָבען געשיקט און
געלאַזט רופֿען זייערע דריי שוועסטערן, כּדי מיט זיי צו עסען און צו טרינקען:
5 און עס איז געוועזען אַז ווען די טעג פֿון זייערע סעודות זענען אַרומגעקומען,
אַזוי האָט איוב אַהינגעשיקט און האָט זיי געהייליגט, און ער איז אין דער
פֿריה אויפֿגעשטאַנען און ער האָט מקריב געוועזען בראַנד־אָפּפֿער נאָך דער
צאָל פֿון זיי אַלע, וואָרין איוב האָט געזאָגט, טאָמער האָבען זיך מיינע
קינדער פֿערזינדיגט, און געשאָלטען גאָט אין זייער האַרץ, אַזוי פֿלעגט איוב
צו טהון אַלע צייטען: 6 און עס איז געוועזען אין דעם טאָג ווען די זיהן
פֿון גאָט קומען זיך פֿאַרצושטעלען פֿאַר דעם האַר, אַזוי איז אויך דער שׂטן
געקומען צווישען זיי: 7 און דער האַר האָט געזאָגט צו דעם שׂטן, פֿון
וואַנען קומסט דו? און דער שׂטן האָט געענטפֿערט צו גאָט און ער האָט
געזאָגט, פֿון דעם דורכלויפֿען אין דעם לאַנד, און פֿון דעם אַרומגעהן דאַרין:
8 און דער האַר האָט געזאָגט צו דעם שׂטן, האָסט דו בעמערקט מיין קנעכט
איוב? וואָרין עס איז קיינער גלייך אַזוי וויא ער אויף דער ערד, אַ פֿרומער
מאַן און רעכטפֿאַרטיג, איינער וואָס האָט מורא פֿאַר גאָט, און קעהרט זיך
אָוועק פֿון דעם שלעכטען: 9 אָבער דער שׂטן האָט געענטפֿערט צו דעם האַר
און האָט געזאָגט, האָט דען איוב בחנם מורא פֿאַר גאָט? 10 האָסט דו
דען ניט געמאַכט אַ פֿערצוימונג וועגען איהם און וועגען זיין הויזגעזינד, און
איבער אַלעם וואָס ער האָט רינגס אַרום? דו האָסט געבענשט די אַרבייט פֿון
זיינע הענדע, און זיין פֿיך האָט זיך אויסגעברייט אין דעם לאַנד: 11 אָבער
שטרעק נאָר אויס דיינע האַנד און ריהר אָן אַלעם וואָס ער האָט, אויב ער
וועט דיך ניט שעלטען פֿאַר דיין פּנים: 12 און דער האַר האָט געזאָגט צו
דעם שׂטן, זעה, אַלעם וואָס ער האָט איז אין דיינע האַנד, נייערט אַן איהם (אַליין)

רַק אֵלָיו אַל־תִּשְׁלַח יָדֶךָ וַיֵּצֵא הַשָּׂטָן מֵעִם פְּנֵי יְהוָה׃
וַיְהִי הַיּוֹם וּבָנָיו וּבְנֹתָיו אֹכְלִים וְשֹׁתִים יַיִן בְּבֵית אֲחִיהֶם 13
הַבְּכוֹר׃ וּמַלְאָךְ בָּא אֶל־אִיּוֹב וַיֹּאמַר הַבָּקָר הָיוּ חֹרְשׁוֹת 14
וְהָאֲתֹנוֹת רֹעוֹת עַל־יְדֵיהֶם׃ וַתִּפֹּל שְׁבָא וַתִּקָּחֵם וְאֶת־ טו
הַנְּעָרִים הִכּוּ לְפִי־חָרֶב וָאִמָּלְטָה רַק־אֲנִי לְבַדִּי לְהַגִּיד 16
לָךְ׃ עוֹד ׀ זֶה מְדַבֵּר וְזֶה בָּא וַיֹּאמַר אֵשׁ אֱלֹהִים נָפְלָה
מִן־הַשָּׁמַיִם וַתִּבְעַר בַּצֹּאן וּבַנְּעָרִים וַתֹּאכְלֵם וָאִמָּלְטָה
רַק־אֲנִי לְבַדִּי לְהַגִּיד לָךְ׃ עוֹד ׀ זֶה מְדַבֵּר וְזֶה בָּא 17
וַיֹּאמַר כַּשְׂדִּים שָׂמוּ ׀ שְׁלֹשָׁה רָאשִׁים וַיִּפְשְׁטוּ עַל־הַגְּמַלִּים
וַיִּקָּחוּם וְאֶת־הַנְּעָרִים הִכּוּ לְפִי־חָרֶב וָאִמָּלְטָה רַק־אֲנִי
לְבַדִּי לְהַגִּיד לָךְ׃ עַד זֶה מְדַבֵּר וְזֶה בָּא וַיֹּאמַר בָּנֶיךָ 18
וּבְנוֹתֶיךָ אֹכְלִים וְשֹׁתִים יַיִן בְּבֵית אֲחִיהֶם הַבְּכוֹר׃ וְהִנֵּה 19
רוּחַ גְּדוֹלָה בָּאָה ׀ מֵעֵבֶר הַמִּדְבָּר וַיִּגַּע בְּאַרְבַּע פִּנּוֹת
הַבַּיִת וַיִּפֹּל עַל־הַנְּעָרִים וַיָּמוּתוּ וָאִמָּלְטָה רַק־אֲנִי לְבַדִּי
לְהַגִּיד לָךְ׃ וַיָּקָם אִיּוֹב וַיִּקְרַע אֶת־מְעִלוֹ וַיָּגָז אֶת־רֹאשׁוֹ כ
וַיִּפֹּל אַרְצָה וַיִּשְׁתָּחוּ׃ וַיֹּאמֶר עָרֹם יָצָתִי מִבֶּטֶן אִמִּי וְעָרֹם 21
אָשׁוּב שָׁמָה יְהוָה נָתַן וַיהוָה לָקָח יְהִי שֵׁם יְהוָה מְבֹרָךְ׃
בְּכָל־זֹאת לֹא־חָטָא אִיּוֹב וְלֹא־נָתַן תִּפְלָה לֵאלֹהִים׃ 22

ב

ב
וַיְהִי הַיּוֹם וַיָּבֹאוּ בְּנֵי הָאֱלֹהִים לְהִתְיַצֵּב עַל־יְהוָה וַיָּבוֹא א
גַם־הַשָּׂטָן בְּתֹכָם לְהִתְיַצֵּב עַל־יְהוָה׃ וַיֹּאמֶר יְהוָה אֶל־ 2
הַשָּׂטָן אֵי מִזֶּה תָּבֹא וַיַּעַן הַשָּׂטָן אֶת־יְהוָה וַיֹּאמַר מִשֻּׁט
בָּאָרֶץ וּמֵהִתְהַלֵּךְ בָּהּ׃ וַיֹּאמֶר יְהוָה אֶל־הַשָּׂטָן הֲשַׂמְתָּ 3
לִבְּךָ עַל־עַבְדִּי אִיּוֹב כִּי אֵין כָּמֹהוּ בָּאָרֶץ אִישׁ תָּם וְיָשָׁר
יְרֵא אֱלֹהִים וְסָר מֵרָע וְעֹדֶנּוּ מַחֲזִיק בְּתֻמָּתוֹ וַתְּסִיתֵנִי בוֹ
לְבַלְּעוֹ חִנָּם׃ וַיַּעַן הַשָּׂטָן אֶת־יְהוָה וַיֹּאמַר עוֹר בְּעַד־עוֹר 4
וְכֹל אֲשֶׁר לָאִישׁ יִתֵּן בְּעַד נַפְשׁוֹ׃ אוּלָם שְׁלַח־נָא יָדְךָ ה

זָאלְסְט דוּא נִיט אוֹיסְשְׁטְרֶעקֶען דֵיינֶע הַאנְד; אַזוֹי אִיז דֶער שָׂטָן אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען פוּן פָאר דֶעם הַאר: 13 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אִין אַ טָאג, וֶוען זֵיינֶע זִיהְן אוּנְד זֵיינֶע טֶעכְטֶער הָאבֶּען גֶעגֶעסֶען אוּנְד גֶעטְרוּנְקֶען וֵויין אִין דֶעם הוֹיז פוּן זֵייעֶר עֶלְצְטֶען בְּרוּדֶער: 14 אַזוֹי אִיז אַ שָׁלִיחַ גֶעקוּמֶען צוּ אִיוֹב, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, דִיא רִינְדֶער הָאבֶּען גֶעאַקֶערְט, אוּנְד דִיא עֶזֶעל הָאבֶּען זִיךְ גֶעוֵויידֶעט (גֶעפַּאשֶׁעט) נֶעבֶּען זֵייא: 15 אוּנְד דִיא פוּן שְׁבָא זֶענֶען·אִיבֶּער זֵייא גֶעפַאלֶען אוּנְד הָאבֶּען זֵייא צוּגֶענוּמֶען, אוּנְד דִיא יוּנְגֶען הָאבֶּען זֵייא גֶעשְׁלָאגֶען מִיט דִיא שַׁארְף פוּן דֶעם שְׁוֶוערְד, אוּנְד אִיךְ בִּין אַלֵיין אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּען כְּדֵי עֶס דִיר אָנְצוּזָאגֶען: 16 וֵוייל דֶער דָאזִיגֶער הָאט נָאךְ גֶערֶעט, אַזוֹי אִיז אֵיין אַנְדֶערֶער אָנְגֶעקוּמֶען אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, אַ פֵייעֶר פוּן גָאט אִיז אַרוּפְּגֶעפַאלֶען פוּן דֶעם הִימֶעל, אוּנְד הָאט גֶעבְּרֶענְט אוּנְטֶער דִיא שָׁאף אוּנְד אוּנְטֶער דִיא יוּנְגֶען אוּנְד עֶס הָאט זֵייא פֶערְבְּרֶענְט, אוּנְד אִיךְ בִּין אַלֵיין אַנְטְרוּנֶען כְּדֵי עֶס דִיר אָנְצוּזָאגֶען: 17 וֵוייל דִיזֶער הָאט נָאךְ גֶערֶעט, אַזוֹי אִיז אֵיין אַנְדֶערֶער אָנְגֶעקוּמֶען אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, דִיא כַּשְׂדִים הָאבֶּען זִיךְ גֶעמַאכְט דְרֵייא אָפְּטֵיילוּנְגֶען, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זִיךְ פֶערְשְׁפְּרֵייט אִיבֶּער דִיא קֶעמֶעל אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זֵייא אַוֶועקְגֶענוּמֶען, אוּנְד דִיא יוּנְגֶען הָאבֶּען זֵייא גֶעשְׁלָאגֶען מִיט דִיא שַׁארְף פוּן דֶעם שְׁוֶוערְד, אוּנְד אִיךְ בִּין אַלֵיין אַנְטְרוּנֶען כְּדֵי עֶס דִיר אָנְצוּזָאגֶען: 18 וֵוייל דִיזֶער הָאט נָאךְ גֶערֶעט, אַזוֹי אִיז אֵיין אַנְדֶערֶער אָנְגֶעקוּמֶען אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, דֵיינֶע זִיהְן אוּנְד דֵיינֶע טֶעכְטֶער הָאבֶּען גֶעגֶעסֶען אוּנְד גֶעטְרוּנְקֶען וֵויין אִין דֶעם הוֹיז פוּן זֵייעֶר עֶלְצְטֶען בְּרוּדֶער: 19 אַזוֹי זֶעה, אַ גְרוֹיסֶער ווִינְד אִיז גֶעקוּמֶען פוּן דֶער מִדְבָּר, אוּנְד הָאט אָנְגֶערִיהְרְט (גֶעשְׁלָאגֶען) אַן דִיא פִיר עֶקֶען פוּן דֶעם הוֹיז אוּנְד עֶס אִיז גֶעפַאלֶען אוֹיף דִיא יוּנְגֶע לֵייט אוּנְד זֵייא זֶענֶען גֶעשְׁטָארְבֶּען· אוּנְד אִיךְ בִּין אַלֵיין אַנְטְרוּנֶען, כְּדֵי עֶס דִיר אָנְצוּזָאגֶען: 20 אַזוֹי אִיז אִיוֹב אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען אוּנְד עֶר הָאט צוּרִיסֶען זֵיין אוֹיבֶּערְמַאנְטֶעל, אוּנְד עֶר הָאט אָפְּגֶעשׁוֹירֶען (דִיא הָאָר פוּן) זֵיין קָאפּ, אוּנְד עֶר אִיז גֶעפַאלֶען אוֹיף דֶער עֶרְד, אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ גֶעבִּיקְט: 21 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, נַאקֶעט בִּין אִיךְ אַרוֹיסְגֶעקוּמֶען פוּן מֵיין מוּטֶערְס בּוֹיךְ אוּנְד נַאקֶעט וֶועל אִיךְ דָארְט צוּרִיקְקֶעהְרֶען, דֶער הַאר הָאט עֶס גֶעגֶעבֶּען אוּנְד דֶער הַאר הָאט עֶס אַוֶועקְגֶענוּמֶען, גֶעבֶּענְשְׁט זָאל זֵיין דֶער נָאמֶען פוּן דֶעם הַאר: 22 אִין דֶעם אַלֶעם הָאט אִיוֹב נִיט גֶעזִינְדִיגְט, אוּנְד עֶר הָאט נִיט גָאט פַאר אוּמְגֶערֶעכְט גֶעהַאלְטֶען:

קאפיטעל ב

1 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אִין אַ טָאג וֶוען דִיא זִיהְן פוּן גָאט קוּמֶען זִיךְ פָארְצוּשְׁטֶעלֶען פָאר דֶעם הַאר אַזוֹי אִיז אוֹיךְ דֶער שָׂטָן גֶעקוּמֶען צְווִישֶׁען זֵייא כְּדֵי זִיךְ פָארְצוּשְׁטֶעלֶען פָאר דֶעם הַאר: 2 אוּנְד דֶער הַאר הָאט גֶעזָאגְט צוּ דֶעם שָׂטָן, פוּן וַואנֶען קוּמְסְט דוּא אַהֶער? אוּנְד דֶער שָׂטָן הָאט דֶעם הַאר גֶעעֶנְטְפֶערְט, אוּנְד גֶעזָאגְט, פוּן דֶעם אַרוּמְלוֹיפֶען דוּרְךְ דֶעם לַאנְד אוּנְד פוּן דֶעם אַרוּמְגֶעהְן דַארִין: 3 אוּנְד דֶער הַאר הָאט גֶעזָאגְט צוּ דֶעם שָׂטָן, הָאסְט דוּא בֶּעמֶערְקְט מֵיין קְנֶעכְט אִיוֹב, וָוארִין עֶס אִיז קֵיינֶער גְלֵייךְ אַזוֹי וִויא עֶר אוֹיף דֶער עֶרְד, אַ פְרוּמֶער מַאן אוּנְד רֶעכְטְפַארְטִיג, אֵיינֶער וָואס הָאט מוֹרָא פָאר גָאט, אוּנְד קֶעהְרְט זִיךְ אַוֶועק פוּן דֶעם שְׁלֶעכְטֶען? אוּנְד דָאךְ הַאלְט עֶר פֶעסְט אִין זֵיינֶע פְרוּמְקֵייט, חָאטְשֶׁע דוּא הָאסְט מִיךְ אָנְגֶערֵייצְט קֶעגֶען אִיהְם, כְּדֵי אִיהְם בְּחִנָּם צוּ פֶערְשְׁלִינְגֶען: 4 אוּנְד דֶער שָׂטָן הָאט דֶעם הַאר גֶעעֶנְטְפֶערְט, אוּנְד גֶעזָאגְט, אַ הוֹיט פַאר אַ הוֹיט, וָוארִין אַלֶעס וָואס אַ מֶענְשׁ הָאט וֶועט עֶר גֶעבֶּען פַאר זַיין לֶעבֶּען: 5 אָבֶּער שְׁטְרֶעק נָאר אוֹיס דֵיינֶע הַאנְד

אונד

וְגַע אֶל־עַצְמוֹ וְאֶל־בְּשָׂרוֹ אִם־לֹא אֶל־פָּנֶיךָ יְבָרְכֶךָּ׃
6 וַיֹּאמֶר יְהוָה אֶל־הַשָּׂטָן הִנּוֹ בְיָדֶךָ אַךְ אֶת־נַפְשׁוֹ שְׁמֹר׃
7 וַיֵּצֵא הַשָּׂטָן מֵאֵת פְּנֵי יְהוָה וַיַּךְ אֶת־אִיּוֹב בִּשְׁחִין רָע מִכַּף
8 רַגְלוֹ עַד קָדְקֳדוֹ׃ וַיִּקַּח־לוֹ חֶרֶשׂ לְהִתְגָּרֵד בּוֹ וְהוּא יֹשֵׁב
9 בְּתוֹךְ־הָאֵפֶר׃ וַתֹּאמֶר לוֹ אִשְׁתּוֹ עֹדְךָ מַחֲזִיק בְּתֻמָּתֶךָ
י בָּרֵךְ אֱלֹהִים וָמֻת׃ וַיֹּאמֶר אֵלֶיהָ כְּדַבֵּר אַחַת הַנְּבָלוֹת
תְּדַבֵּרִי גַּם אֶת־הַטּוֹב נְקַבֵּל מֵאֵת הָאֱלֹהִים וְאֶת־הָרָע לֹא
11 נְקַבֵּל בְּכָל־זֹאת לֹא־חָטָא אִיּוֹב בִּשְׂפָתָיו׃ וַיִּשְׁמְעוּ
שְׁלֹשֶׁת ׀ רֵעֵי אִיּוֹב אֵת כָּל־הָרָעָה הַזֹּאת הַבָּאָה עָלָיו
וַיָּבֹאוּ אִישׁ מִמְּקֹמוֹ אֱלִיפַז הַתֵּימָנִי וּבִלְדַּד הַשּׁוּחִי וְצוֹפַר
12 הַנַּעֲמָתִי וַיִּוָּעֲדוּ יַחְדָּו לָבוֹא לָנוּד־לוֹ וּלְנַחֲמוֹ׃ וַיִּשְׂאוּ אֶת־
עֵינֵיהֶם מֵרָחוֹק וְלֹא הִכִּירֻהוּ וַיִּשְׂאוּ קוֹלָם וַיִּבְכּוּ וַיִּקְרְעוּ
13 אִישׁ מְעִלוֹ וַיִּזְרְקוּ עָפָר עַל־רָאשֵׁיהֶם הַשָּׁמָיְמָה׃ וַיֵּשְׁבוּ
אִתּוֹ לָאָרֶץ שִׁבְעַת יָמִים וְשִׁבְעַת לֵילוֹת וְאֵין־דֹּבֵר אֵלָיו
דָּבָר כִּי רָאוּ כִּי־גָדַל הַכְּאֵב מְאֹד׃

ג

2 א אַחֲרֵי־כֵן פָּתַח אִיּוֹב אֶת־פִּיהוּ וַיְקַלֵּל אֶת־יוֹמוֹ׃ וַיַּעַן
3 אִיּוֹב וַיֹּאמַר׃ יֹאבַד יוֹם אִוָּלֶד בּוֹ וְהַלַּיְלָה אָמַר הֹרָה גָבֶר׃
4 הַיּוֹם הַהוּא יְהִי־חֹשֶׁךְ אַל־יִדְרְשֵׁהוּ אֱלוֹהַּ מִמָּעַל וְאַל־
ה תּוֹפַע עָלָיו נְהָרָה׃ יִגְאָלֻהוּ חֹשֶׁךְ וְצַלְמָוֶת תִּשְׁכָּן־עָלָיו
6 עֲנָנָה יְבַעֲתֻהוּ כִּמְרִירֵי יוֹם׃ הַלַּיְלָה הַהוּא יִקָּחֵהוּ אֹפֶל
7 אַל־יִחַדְּ בִּימֵי שָׁנָה בְּמִסְפַּר יְרָחִים אַל־יָבֹא׃ הִנֵּה הַלַּיְלָה
8 הַהוּא יְהִי גַלְמוּד אַל־תָּבֹא רְנָנָה בוֹ׃ יִקְּבֻהוּ אֹרְרֵי־יוֹם
9 הָעֲתִידִים עֹרֵר לִוְיָתָן׃ יֶחְשְׁכוּ כּוֹכְבֵי נִשְׁפּוֹ יְקַו־לְאוֹר וָאַיִן
י וְאַל־יִרְאֶה בְּעַפְעַפֵּי־שָׁחַר׃ כִּי לֹא סָגַר דַּלְתֵי בִטְנִי וַיַּסְתֵּר
11 עָמָל מֵעֵינָי׃ לָמָּה לֹּא מֵרֶחֶם אָמוּת מִבֶּטֶן יָצָאתִי וְאֶגְוָע׃
12 13 מַדּוּעַ קִדְּמוּנִי בִרְכָּיִם וּמַה־שָּׁדַיִם כִּי אִינָק׃ כִּי־עַתָּה

אוּנְד רִיהְר אָן זַיין בַּיין אוּנְד זַיין פְלֵיישׁ, אוֹיבּ עֶר וֶועט דִיךְ נִיט שֶׁעלְטֶען פָאר דַיין פָּנִים: 6 אַזוֹי הָאט דֶער הַאר גֶעזָאגְט צוּ דֶעם שָׂטָן, זֶעה, עֶר אִיז אִין דַיינֶע הַאנְד, נַייעֶרְט הִיט זַיין נֶפֶשׁ: 7 אַזוֹי אִיז דֶער שָׂטָן אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען פוּן פָאר דֶעם הַאר, אוּנְד עֶר הָאט אִיוֹב'ן גֶעשְׁלָאגֶען מִיט אַ שְׁלֶעכְטֶען גְרוּנְד, פוּן דֶעם טְרִיט פוּן זַיין פוּס אָן בִּיז צוּ זַיין קָאפְּשֵׁייטֶעל: 8 אוּנְד עֶר (אִיוֹב) הָאט זִיךְ גֶענוּמֶען אַ שַׁארְבֶּען כְּדֵי זִיךְ דֶער־מִיט צוּ קְרַאצֶען, אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ גֶעזֶעצְט צְווִישֶׁען דִיא אַשׁ: 9 אַזוֹי הָאט זַיין ווַייבּ צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, הַאלְסְט דוּא דִיךְ נָאךְ פֶעסְט אִין דַיינֶע פְרוּמְקַייט? לֶעסְטֶער גָאט אוּנְד שְׁטַארְבּ: 10 אָבֶּער עֶר הָאט צוּ אִיהְר גֶעזָאגְט, דוּא רֶעדְסְט אַזוֹי ווִיא אֵיינֶע פוּן דִיא נַארִישֶׁע ווַייבֶּער רֶעדֶען, זָאלֶען מִיר דֶען מְקַבֵּל זַיין דָאס גוּטֶע פוּן גָאט, אוּנְד זָאלֶען מִיר נִיט אוֹיךְ דָאס שְׁלֶעכְטֶע מְקַבֵּל זַיין? אִין אַלֶעם דֶעם דָאזִיגֶען הָאט אִיוֹב נִיט גֶעזִינְדִיגְט מִיט זַיינֶע לִיפֶּען: 11 אוּנְד אִיוֹב'ס דְרַייא פְרֵיינְדֶע הָאבֶּען גֶעהֶערְט פוּן אַלֶעם דֶעם דָאזִיגֶען שְׁלֶעכְטֶס וָואס אִיז אִיבֶּער אִיהְם אָנְגֶעקוּמֶען, אַזוֹי זֶענֶען זַייא גֶעקוּמֶען אִיטְלִיכֶער פוּן זַיין אָרְט – אֱלִיפַז הַתֵּימָנִי, אוּנְד בִּלְדַד הַשּׁוּחִי, אוּנְד צוֹפַר הַנַּעֲמָתִי – וָוארִין זַייא הָאבֶּען זִיךְ צוּזַאמֶען בֶּערָאטֶען צוּ אִיהְם צוּ קוּמֶען כְּדֵי מִיט אִיהְם צוּ קְלָאגֶען אוּנְד אִיהְם צוּ טְרֶעסְטֶען: 12 אוּנְד וֶוען זַייא הָאבֶּען פוּן ווַייטֶען זַיירֶע אוֹיגֶען אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען אַזוֹי הָאבֶּען זַייא אִיהְם נִיט דֶערְקֶענְט; אוּנְד זַייא הָאבֶּען אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען זַייעֶר קוֹל אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶעוויינְט; אוּנְד אִיטְלִיכֶער הָאט צוּרִיסֶען זַיין מַאנְטֶעל, אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶעשְׁפְּרִינְקֶעלְט שְׁטוֹיבּ אוֹיף זַיירֶע קֶעפּ קֶעגֶען דֶעם הִימֶעל: 13 אַזוֹי זֶענֶען זַייא גֶעזֶעסֶען מִיט אִיהְם אוֹיף דֶער עֶרְד זִיבֶּען טֶעג אוּנְד זִיבֶּען נֶעכְט, אוּנְד קֵיינֶער הָאט צוּ אִיהְם נִיט אַ וָוארְט גֶערֶעט, וָוארִין זַייא הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען אַז זַיינֶע וֶועהְטָאג אִיז זֶעהְר גְרוֹיס:

קאַפִּיטֶעל ג

1 נָאכְדֶעם הָאט אִיוֹב אוֹיפְגֶעמַאכְט זַיין מוֹיל, אוּנְד עֶר הָאט פֶערְשָׁאלְטֶען זַיין טָאג: 2 אוּנְד אִיוֹב הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט, אוּנְד גֶעזָאגְט:— 3 הַלְוַאי וָואלְט דֶער טָאג פֶערְלוֹירֶען גֶעוֶועזֶען וָואס אִיךְ בִּין אִין אִיהְם גֶעבּוֹירֶען גֶעוָוארֶען! אוּנְד דִיא נַאכְט אִין ווֶעלְכֶער מֶען הָאט גֶעזָאגְט, מִיט אַ זָכָר אִיז מֶען טְרָאגֶענְדִיג גֶעוָוארֶען: 4 דֶער דָאזִיגֶער טָאג הָאט גֶעזָאלְט זַיין פִינְסְטֶער! גָאט זָאל אִיהְם נָאכְפָארְשֶׁען פוּן (דֶער הֵייךְ) אוֹיבֶּען! אוּנְד עֶס זָאל אוֹיךְ קֵיין לִיכְט אוֹיף אִיהְם שֵׁיינֶען: 5 פִינְסְטֶערְנִיס אוּנְד טוֹיט־שָׁאטֶען זָאל אִיהְם אֵיינְרִיכְטֶען, לָאז אַ פִינְסְטֶערֶער וָואלְקֶען אוֹיף אִיהְם רוּהֶען, עֶר זָאל דֶערְשְׁרָאקֶען וֶוערֶען אַזוֹי ווִיא אַ בִּיטֶערֶער טָאג! 6 טוּנְקֶעלְהֵייט זָאל צוּנֶעמֶען דִיא דָאזִיגֶע נַאכְט, זִיא זָאל זִיךְ נִיט פְרֵייעֶן צְווִישֶׁען דִיא טֶעג פוּן דֶעם יָאהְר, אִין דִיא צָאל פוּן דִיא חֳדָשִׁים זָאל זִיא נִיט קוּמֶען: 7 זֶעה, לָאז דִיא דָאזִיגֶע נַאכְט זַיין אָהְן מֶענְשֶׁען, עֶס זָאל קֵיין גֶעזַאנְג אִין אִיהְר נִיט קוּמֶען: 8 דִיא וָואס שֶׁעלְטֶען דֶעם טָאג זָאלֶען אִיהְם אוֹיךְ שֶׁעלְטֶען, דִיא וָואס זֶענֶען אָנְגֶעבְּרֵייט דֶעם לִוְיָתָן צוּ דֶערְוֶועקֶען: 9 דִיא שְׁטֶערֶען פוּן דֶער דֶעמֶערוּנְג זָאלֶען פֶערְפִינְסְטֶערְט וֶוערֶען, זִיא זָאל הָאפֶען אוֹיף לִיכְט אָבֶּער עֶס זָאל נִיט זַיין, אוּנְד עֶס זָאל אוֹיךְ נִיט גֶעזֶעהֶען וֶוערֶען וֶוען דֶער מָארְגֶען קוּמְט אָן: 10 ווַייל עֶס הָאט נִיט פֶערְשְׁלָאסֶען דִיא טִירֶען פוּן מֵיין (מוּטֶער'ס) בּוֹיךְ, אוּנְד עֶס הָאט אוֹיךְ נִיט פֶערְהוֹילֶען דִיא מִידִיגְקֵייט (צָרוֹת) פוּן מֵיינֶע אוֹיגֶען: 11 פַארְוָואס בִּין אִיךְ נִיט גֶעשְׁטָארְבֶּען פוּן מֵיין מוּטֶערְלֵייבּ אָן? פַארְוָואס בִּין אִיךְ נִיט בַּאלְד פֶערְגַאנְגֶען ווֶען אִיךְ בִּין אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען פוּן דֶעם בּוֹיךְ? 12 פַארְוָואס הָאבֶּען מִיךְ דִיא קְנִיעֶן (פוּן מֵיינֶע מוּטֶער גֶעפֶערְדֶערְט)? אוּנְד פַארְוָואס הָאבּ אִיךְ גֶעזוֹיגֶען דִיא בְּרוּסְטֶען? 13 אַזוֹי וָואלְט אִיךְ אַצוּנְד

14 שָׁכַבְתִּי וְאֶשְׁקוֹט יָשַׁנְתִּי אָז ׀ יָנוּחַ לִי׃ עִם־מְלָכִים וְיֹעֲצֵי
טו אֶרֶץ הַבֹּנִים חֳרָבוֹת לָמוֹ׃ אוֹ עִם־שָׂרִים זָהָב לָהֶם
16 הַמְמַלְאִים בָּתֵּיהֶם כָּסֶף׃ אוֹ כְנֵפֶל טָמוּן לֹא אֶהְיֶה כְּעֹלְלִים
17 לֹא־רָאוּ אוֹר׃ שָׁם רְשָׁעִים חָדְלוּ רֹגֶז וְשָׁם יָנוּחוּ יְגִיעֵי
18 19 כֹחַ׃ יַחַד אֲסִירִים שַׁאֲנָנוּ לֹא שָׁמְעוּ קוֹל נֹגֵשׂ׃ קָטֹן
כ וְגָדוֹל שָׁם הוּא וְעֶבֶד חָפְשִׁי מֵאֲדֹנָיו׃ לָמָּה יִתֵּן לְעָמֵל
21 אוֹר וְחַיִּים לְמָרֵי נָפֶשׁ׃ הַמְחַכִּים לַמָּוֶת וְאֵינֶנּוּ וַיַּחְפְּרֻהוּ
22 מִמַּטְמוֹנִים׃ הַשְּׂמֵחִים אֱלֵי־גִיל יָשִׂישׂוּ כִּי יִמְצְאוּ־קָבֶר׃
23 24 לְגֶבֶר אֲשֶׁר־דַּרְכּוֹ נִסְתָּרָה וַיָּסֶךְ אֱלוֹהַּ בַּעֲדוֹ׃ כִּי־לִפְנֵי
כה לַחְמִי אַנְחָתִי תָבֹא וַיִּתְּכוּ כַמַּיִם שַׁאֲגֹתָי׃ כִּי פַחַד פָּחַדְתִּי
26 וַיֶּאֱתָיֵנִי וַאֲשֶׁר יָגֹרְתִּי יָבֹא לִי׃ לֹא שָׁלַוְתִּי ׀ וְלֹא שָׁקַטְתִּי
וְלֹא־נָחְתִּי וַיָּבֹא רֹגֶז׃

ד ד

א 2 וַיַּעַן אֱלִיפַז הַתֵּימָנִי וַיֹּאמַר׃ הֲנִסָּה דָבָר אֵלֶיךָ תִּלְאֶה
3 וַעְצֹר בְּמִלִּין מִי יוּכָל׃ הִנֵּה יִסַּרְתָּ רַבִּים וְיָדַיִם רָפוֹת
4 ה תְּחַזֵּק׃ כּוֹשֵׁל יְקִימוּן מִלֶּיךָ וּבִרְכַּיִם כֹּרְעוֹת תְּאַמֵּץ׃ כִּי
6 עַתָּה ׀ תָּבוֹא אֵלֶיךָ וַתֵּלֶא תִּגַּע עָדֶיךָ וַתִּבָּהֵל׃ הֲלֹא יִרְאָתְךָ
7 כִּסְלָתֶךָ תִּקְוָתְךָ וְתֹם דְּרָכֶיךָ׃ זְכָר־נָא מִי הוּא נָקִי אָבָד
8 וְאֵיפֹה יְשָׁרִים נִכְחָדוּ׃ כַּאֲשֶׁר רָאִיתִי חֹרְשֵׁי אָוֶן וְזֹרְעֵי
9 עָמָל יִקְצְרֻהוּ׃ מִנִּשְׁמַת אֱלוֹהַּ יֹאבֵדוּ וּמֵרוּחַ אַפּוֹ יִכְלוּ׃
י 11 שַׁאֲגַת אַרְיֵה וְקוֹל שָׁחַל וְשִׁנֵּי כְפִירִים נִתָּעוּ׃ לַיִשׁ אֹבֵד
12 מִבְּלִי־טָרֶף וּבְנֵי לָבִיא יִתְפָּרָדוּ׃ וְאֵלַי דָּבָר יְגֻנָּב וַתִּקַּח
13 אָזְנִי שֵׁמֶץ מֶנְהוּ׃ בִּשְׂעִפִּים מֵחֶזְיֹנוֹת לָיְלָה בִּנְפֹל
14 תַּרְדֵּמָה עַל־אֲנָשִׁים׃ פַּחַד קְרָאַנִי וּרְעָדָה וְרֹב עַצְמוֹתַי
טו 16 הִפְחִיד׃ וְרוּחַ עַל־פָּנַי יַחֲלֹף תְּסַמֵּר שַׂעֲרַת בְּשָׂרִי׃ יַעֲמֹד ׀
וְלֹא־אַכִּיר מַרְאֵהוּ תְּמוּנָה לְנֶגֶד עֵינָי דְּמָמָה וָקוֹל אֶשְׁמָע׃
17 18 הַאֱנוֹשׁ מֵאֱלוֹהַּ יִצְדָּק אִם מֵעֹשֵׂהוּ יִטְהַר־גָּבֶר׃ הֵן בַּעֲבָדָיו
19 לֹא יַאֲמִין וּבְמַלְאָכָיו יָשִׂים תָּהֳלָה׃ אַף ׀ שֹׁכְנֵי בָתֵּי־חֹמֶר

גֶעלֶעגֶען אוּנְד וָואלְט שְׁטִיל גֶעוֶועזֶען, אִיךְ וָואלְט גֶעשְׁלָאפֶען, אוּנְד רוּה גֶעהַאט: 14 מִיט מְלָכִים אוּנְד רָאט־הַארֶען פוּן דֶער עֶרְד, וָואס בּוֹיעֶן אוֹיף צוּ זִיךְ דִיא וִויסְטֶע עֶרְטֶער: 15 אָדֶער מִיט דִיא פִירְשְׁטֶען וָואס הָאבֶּען גָאלְד, אוּנְד וָואס פִילֶען אָן זֵייעֶרֶע הֵייזֶער מִיט זִילְבֶּער: 16 אָדֶער פַארְוָואס בִּין אִיךְ נִיט גֶעוָוארֶען אַזוֹי וִויא אַ בֶּעהַאלְטֶענֶעם נֶפֶל? אָדֶער אַזוֹי וִויא דִיא קְלֵיינֶע קִינְדֶער וָואס הָאבֶּען נִיט גֶעזֶעהֶען דָאס לִיכְט? 17 דָארְטֶען הֶערֶען דִיא רְשָׁעִים אוֹיף צוּ לַארְמֶען, אוּנְד דָארְטֶען רוּהֶען אוֹיךְ דִיא מִידֶען: 18 אַפִּילוּ דִיא גֶעפַאנְגֶענֶע רוּהֶען צוּזַאמֶען, זֵייא הֶערֶען נִיט דָאס קוֹל פוּן דֶעם אוּנְטֶערְדְרִיקֶער: 19 דִיא קְלֵיינֶע אוּנְד דִיא גְרוֹיסֶע זֶענֶען דָארְטֶען, אוּנְד דֶער קְנֶעכְט אִיז פְרֵייא פוּן זֵיין הַאר: 20 פַארְוָואס גֶעט עֶר לִיכְט צוּ דֶעם וָואס אִיז מִיד, אוּנְד לֶעבֶּען צוּ דֶעם וָואס הָאט אַ בִּיטֶער גֶעמִיט? 21 דִיא וָואס הָאפֶען אוֹיף דֶעם טוֹיט אוּנְד עֶר קוּמְט נִיט אָן, אוּנְד זֵייא גְרוּבֶּען (אָדֶער זוּכֶען) אִיהְם מֶעהְר וִויא נָאךְ בֶּעהַאלְטֶענֶע זַאכֶען: 22 אוּנְד דִיא וָואס פְרֵייעֶן זִיךְ מִיט אַ פְרֵייד, אוּנְד הָאבֶּען אַ שִׂמְחָה וֶוען זֵייא גֶעפִינֶען דָאס קֶבֶר: 23 צוּ דֶעם מֶענְשׁ וָואס זֵיין וֶועג אִיז פֶערְבָּארְגֶען, אוּנְד וָואס גָאט הָאט פַאר זֵיינֶעטְוֶועגֶען אַ צוֹים גֶעמַאכְט: 24 וָוארִין פָאר מֵיין עֶסֶען קוּמְט אָן מֵיין זִיפְצֶען, אוּנְד מֵיין גֶעשְׁרֵייא אִיז אוֹיסְגֶעגָאסֶען אַזוֹי וִויא הַאסֶער: 25 וָוארִין דִיא פָארְכְט וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעפָארְכְטֶען הָאט מִיךְ אָנְגֶעטְרָאפֶען, אוּנְד דָאס פַארְוָואס אִיךְ הָאבּ מוֹרָא גֶעהַאט אִיז צוּ מִיר אָנְגֶעקוּמֶען: 26 אִיךְ בִּין נִיט גֶעוֶועזֶען בְּשַׁלְוָה, אוּנְד נִיט שְׁטִיל גֶעוֶועזֶען אוּנְד אִיךְ הָאבּ אוֹיךְ קֵיינֶע רוּה גֶעהַאט, דָאךְ אִיז דֶער צָארְן אָנְגֶעקוּמֶען:

## קאפיטעל ד

1 אַזוֹי הָאט אֱלִיפַז הַתֵּימָנִי גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד גֶעזָאגְט: 2 וֶוען מֶען פְרִיפְט אַ וָוארְט מִיט דִיר צוּ רֶעדֶען פֶערְדְרִיסְט עֶס דִיךְ? אָבֶּער וֶוער קֶען זִיךְ צוּרִיקְהַאלְטֶען פוּן צוּ רֶעדֶען? 3 זֶעה, דוּא הָאסְט צוּ פִילֶע מוּסָר גֶעזָאגְט, אוּנְד דוּא הָאסְט גֶעשְׁטַארְקְט דִיא שְׁוַואכֶע הֶענְד: 4 דֶעם גֶעשְׁטְרוֹיכֶעלְטֶען פְלֶעגֶען דֵיינֶע וֶוערְטֶער אוֹיפְצוּשְׁטֶעלֶען, אוּנְד דוּא הָאסְט גֶע־שְׁטַארְקְט דִיא שְׁוַואכֶע נִידֶערְגֶעבֵּייגְטֶע קְנִיעֶן: 5 אָבֶּער אַצוּנְד אִיז עֶס צוּ דִיר אָנְגֶעקוּמֶען אוּנְד דוּא בִּיזְט פֶערְשְׁמַאכְט, עֶס הָאט דִיךְ אָנְגֶערִיהְרְט אוּנְד דוּא בִּיזְט דֶערְשְׁרָאקֶען גֶעוָוארֶען: 6 אִיז דֶען דָאס נִיט דֵיינֶע מוֹרָא, דֵיין פֶערְטְרוֹיעֶן, דֵיינֶע הָאפְנוּנְג, אוּנְד דִיא גַאנְצְקֵייט פוּן דֵיינֶע וֶועגֶען? 7 גֶעדֶענְק דָאךְ אִיךְ בֶּעט דִיךְ, אוֹיבּ אַיין אוּמְשׁוּלְדִיגֶער וֶוערְט פֶערְלוֹירֶען, אוּנְד אַוְואוּ אִיז אַ רֶעכְטְפַארְטִיגֶער פֶערְטִילְגְט גֶעוָוארֶען? 8 גְרָאד אַזוֹי וִויא אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען, אַז דִיא וָואס אַקֶערְן אוּמְרֶעכְט אוּנְד זֵייעֶן מִידִיגְקֵייט, דָאס מוּזֶען זֵייא אוֹיךְ שְׁנֵיידֶען: 9 דוּרְךְ דֶעם בְּלָאז פוּן גָאט וֶוערֶען זֵייא פֶערְלוֹירֶען, אוּנְד דוּרְךְ דֶעם ווִינְד פוּן זֵיין צָארְן וֶוערֶען זֵייא פֶערְלֶענְט: 10 דָאס גֶעשְׁרֵייא פוּן דֶעם לֵייבּ, אוּנְד דָאס קוֹל פוּן דֶעם (אָנְגֶערֵייצְטֶען לֵייבּ), אוּנְד דִיא צֵיין פוּן דִיא יוּנְגֶע לֵייבֶּען זֶענֶען צוּבְּרָאכֶען גֶעוָוארֶען: 11 אַזוֹי וִויא אַ לֶעמְפֶּערְט וֶוערְט פֶערְלוֹירֶען וֵוייל עֶר הָאט נִיט צוּ פֶערְצוּקֶען, אוּנְד דִיא יוּנְגֶע לֵייבֶּען צוּשְׁפְּרֵייטֶען זִיךְ: 12 אָבֶּער צוּ מִיר הָאט זִיךְ אַ וָוארְט וִויא צוּ גֶע־גַנְבֶ'ת, אוּנְד מֵיין אוֹיעֶר הָאט אַ בִּיסֶעל דֶערְפוּן פֶערְנוּמֶען: 13 אִין דִיא מַחֲשָׁבוֹת פוּן דִיא זֶעהוּנְגֶען בֵּייא נַאכְט, וֶוען אַ שְׁלָאף פַאלְט אוֹיף דִיא מֶענְשֶׁען: 14 הָאט מִיךְ אַ פָארְכְט אָנְגֶעטְרָאפֶען אוּנְד צִיטֶערְנִיס, וָואס הָאט מֵיינֶע פִילֶע בֵּיינֶער דֶערְשְׁרָאקֶען: 15 אוּנְד אַ רוּחַ אִיז פָאר מִיר אִיבֶּערְגֶע־פָארֶען, אוּנְד דִיא הָאר פוּן מֵיין פְלֵיישׁ הָאבֶּען זִיךְ אוֹיפְגֶעשְׁטֶעלְט: 16 עֶר אִיז שְׁטֶעהְן גֶע־בְּלִיבֶּען אָבֶּער אִיךְ הָאבּ נִיט דֶערְקֶענְט זֵיינֶע גֶעשְׁטַאלְט, אַ גֶעשְׁטַאלְט אִיז גֶעוֶועזֶען פָאר מֵיינֶע אוֹיגֶען, עֶס אִיז שְׁטִיל גֶעוֶועזֶען, אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעהֶערְט אַ קוֹל: 17 זָאל דֶען אַ מֶענְשׁ זֵיין מֶעהְר גֶערֶעכְט וִויא גָאט? אָדֶער זָאל דֶער מֶענְשׁ זֵיין רֵיינֶער וִויא זֵיין בֶּעשֶׁעפֶּער?

כ אֲשֶׁר־בֶּעָפָר יְסוֹדָם יְדַכְּאוּם לִפְנֵי־עָשׁ׃ מִבֹּקֶר לָעֶרֶב
21 יֻכַּתּוּ מִבְּלִי מֵשִׂים לָנֶצַח יֹאבֵדוּ׃ הֲלֹא־נִסַּע יִתְרָם בָּם
יָמוּתוּ וְלֹא בְחָכְמָה׃

ה

2 א קְרָא־נָא הֲיֵשׁ עוֹנֶךָּ וְאֶל־מִי מִקְּדֹשִׁים תִּפְנֶה׃ כִּי־לֶאֱוִיל
3 יַהֲרָג־כָּעַשׂ וּפֹתֶה תָּמִית קִנְאָה׃ אֲנִי־רָאִיתִי אֱוִיל מַשְׁרִישׁ
4 וָאֶקּוֹב נָוֵהוּ פִתְאֹם׃ יִרְחֲקוּ בָנָיו מִיֶּשַׁע וְיִדַּכְּאוּ בַשַּׁעַר
ה וְאֵין מַצִּיל׃ אֲשֶׁר קְצִירוֹ ׀ רָעֵב יֹאכֵל וְאֶל־מִצִּנִּים יִקָּחֵהוּ
6 וְשָׁאַף צַמִּים חֵילָם׃ כִּי ׀ לֹא־יֵצֵא מֵעָפָר אָוֶן וּמֵאֲדָמָה
7 לֹא־יִצְמַח עָמָל׃ כִּי־אָדָם לְעָמָל יוּלָּד וּבְנֵי־רֶשֶׁף יַגְבִּיהוּ
8 עוּף׃ אוּלָם אֲנִי אֶדְרֹשׁ אֶל־אֵל וְאֶל־אֱלֹהִים אָשִׂים
9 דִּבְרָתִי׃ עֹשֶׂה גְדֹלוֹת וְאֵין חֵקֶר נִפְלָאוֹת עַד־אֵין מִסְפָּר׃
י הַנֹּתֵן מָטָר עַל־פְּנֵי־אָרֶץ וְשֹׁלֵחַ מַיִם עַל־פְּנֵי חוּצוֹת׃
11 12 לָשׂוּם שְׁפָלִים לְמָרוֹם וְקֹדְרִים שָׂגְבוּ יֶשַׁע׃ מֵפֵר מַחְשְׁבוֹת
13 עֲרוּמִים וְלֹא־תַעֲשֶׂינָה יְדֵיהֶם תּוּשִׁיָּה׃ לֹכֵד חֲכָמִים בְּעָרְמָם
14 וַעֲצַת נִפְתָּלִים נִמְהָרָה׃ יוֹמָם יְפַגְּשׁוּ־חֹשֶׁךְ וְכַלַּיְלָה
טו יְמַשְׁשׁוּ בַצָּהֳרָיִם׃ וַיֹּשַׁע מֵחֶרֶב מִפִּיהֶם וּמִיַּד חָזָק אֶבְיוֹן׃
16 17 וַתְּהִי לַדַּל תִּקְוָה וְעֹלָתָה קָפְצָה פִּיהָ׃ הִנֵּה אַשְׁרֵי אֱנוֹשׁ
18 יוֹכִחֶנּוּ אֱלוֹהַּ וּמוּסַר שַׁדַּי אַל־תִּמְאָס׃ כִּי הוּא יַכְאִיב
19 וְיֶחְבָּשׁ יִמְחַץ וְיָדָו תִּרְפֶּינָה׃ בְּשֵׁשׁ צָרוֹת יַצִּילֶךָּ וּבְשֶׁבַע
כ לֹא־יִגַּע בְּךָ רָע׃ בְּרָעָב פָּדְךָ מִמָּוֶת וּבְמִלְחָמָה מִידֵי
21 חָרֶב׃ בְּשׁוֹט לָשׁוֹן תֵּחָבֵא וְלֹא־תִירָא מִשֹּׁד כִּי יָבוֹא׃
22 23 לְשֹׁד וּלְכָפָן תִּשְׂחָק וּמֵחַיַּת הָאָרֶץ אַל־תִּירָא׃ כִּי עִם־
24 אַבְנֵי הַשָּׂדֶה בְרִיתֶךָ וְחַיַּת הַשָּׂדֶה הָשְׁלְמָה־לָךְ׃ וְיָדַעְתָּ
כה כִּי־שָׁלוֹם אָהֳלֶךָ וּפָקַדְתָּ נָוְךָ וְלֹא תֶחֱטָא׃ וְיָדַעְתָּ כִּי־רַב
26 זַרְעֶךָ וְצֶאֱצָאֶיךָ כְּעֵשֶׂב הָאָרֶץ׃ תָּבוֹא בְכֶלַח אֱלֵי־קָבֶר

18 זֶעה, ער הָאט קֵיין פֶערְטְרוֹיעֶן אִין זַיינֶע קְנֶעכְט, אַפִילוּ זַיינֶע מַלְאָכִים בֶּעשׁוּלְדִיגְט ער מִיט נַארִישְׁקֵייט׃ 19 מִכָּל־שֶׁכֵּן זָאלְכֶע וָואס וְואוֹינֶען אִין לֵיימֶענֶע הֵייזֶער, וָואס הָאבֶּען אִיהְר גְרוּנְד אִין דֶעם שְׁטוֹיבּ, אוּנְד זַייא װֶערֶען צוּשְׁטוֹיסֶען פָאר אַ מִילְבּ? 20 פוּן מָארְגֶען בִּיז אָבֶענְד װֶערֶען זַייא צוּשְׁטוֹיסֶען, קֵיינֶער בֶּעטְרַאכְט עֶס װֶען זַייא װֶערֶען אוֹיף עֶבִּיג פֶערְלוֹירֶען׃ 21 װֶערְדֶען נִיט אָפְּגֶעטְהוּן זַיירֶע הֶערְלִיכְקֵייט וָואס אִיז אִין זַייא? זַייא שְׁטַארְבֶּען אָבֶּער נִיט אִין חָכְמָה׃

## קאפיטעל ה

1 רוּף דָאךְ, אוֹיבּ עֶס אִיז דָא אֵיינֶער וָואס װֶעט דִיר עֶנְטְפֶערְן, אוּנְד צוּ װֶעלְכֶע פוּן דִיא הֵיילִיגֶע װִילְסְט דוּא דִיךְ קֶעהְרֶען? 2 וָוארִין דֶעם נַאר דֶערְשְׁלָאגְט דֶער צָארְן, אוּנְד דֶעם נַארִישֶׁען טְהוּט דִיא קִנְאָה טֶעטֶען׃ 3 אִיךְ הָאבּ (אַלֵיין) גֶעזֶעהֶען אַ נַאר אֵיינְגֶעוְואוּרְצֶעלְט, אָבֶּער פְּלוּצְלִינְג הָאבּ אִיךְ זַיינֶע וְואוֹינוּנְג גֶעשָׁאלְטֶען׃ 4 זַיינֶע קִינְדֶער זֶענֶען װֵייט פוּן דֶער הִילְף, אוּנְד זַייא זֶענֶען צוּשְׁטוֹיסֶען אִין דֶעם טוֹיעֶר, אוּנְד קֵיינֶער אִיז זַייא מַצִיל׃ 5 זַיין שְׁנִיט (תְּבוּאָה) זָאל דֶער הוּנְגֶערִיגֶער אוֹיפְעֶסֶען, אוּנְד אַפִילוּ פוּן דִיא דֶערְנֶער נֶעמְט ער עֶס אַװֶעק, אוּנְד דִיא רוֹיבֶּערְס פֶערְשְׁלִינְגֶען זַייעֶר פֶערְמֶעגֶען׃ 6 וָוארִין דִיא זִינְד גֶעהְט נִיט אַרוֹיס פוּן דֶעם שְׁטוֹיבּ, אוּנְד אוּמְגֶערֶעכְטִיגְקֵייט שְׁפְּרָאצְט נִיט אַרוֹיס פוּן דֶער עֶרְד׃ 7 וָוארִין אַ מֶענְשׁ אִיז גֶעבּוֹירֶען צוּ מִידִיגְקֵייט (צָרוֹת), אַזוֹי װִיא פוּנְקֶען וָואס פְלִיהֶען אִין דֶער הוֹיךְ׃ 8 אָבֶּער אִיךְ — אִיךְ וָואלְט גָאט פָארְשֶׁען אוּנְד צוּ גָאט וָואלְט אִיךְ גֶעטְהוּן מֵיינֶע װֶערְטֶער׃ 9 דֶער וָואס טְהוּט גְרוֹיסֶעס, אוּנְד וָואס הָאט קֵיינֶע אוֹיסְפָארְשׁוּנְג, אוּנְד וְואוּנְדֶערְלִיכֶע זַאכֶען אָהְן אַ צָאהְל׃ 10 דֶער וָואס גִיבְּט רֶעגֶען אוֹיף דֶער עֶרְד, אוּנְד שִׁיקְט אוֹיס וַואסֶער אוֹיף דִיא פֶעלְדֶער׃ 11 דֶער וָואס מַאכְט דָאס נִידֶערִיגֶע צוּ הוֹיךְ, כְּדֵי דִיא וָואס טְרוֹיעֶרְן זָאלֶען גֶעשְׁטִיצְט װֶערֶען מִיט הִילְף׃ 12 דֶער וָואס פֶערְשְׁטֶערְט דִיא מַחֲשָׁבוֹת פוּן דִיא קְלוּגֶע, אַז זַיירֶע הֶענְד זָאלֶען נִיט טְהוּן זַיירֶע שְׁלֶעכְטֶע עֵצוֹת׃ 13 ער חַאפְּט דִיא חֲכָמִים אִין זַיירֶע אֵייגֶענֶע קְלוּגְהֵייט, אוֹיךְ דִיא פֶערְקְרִימְטֶע עֵצוֹת פוּן דִיא אֵיילֶעדִיגֶע׃ 14 בֵּייא טָאג בֶּעגֶעגְנֶען זַייא פִינְסְטֶערְנִיס, אוּנְד אִין מִיטֶען טָאג טַאפֶּען זַייא אַזוֹי װִיא בֵּייא נַאכְט׃ 15 אָבֶּער ער הֶעלְפְּט זַייא פוּן דֶעם שְׁװֶערְד פוּן זַייעֶר מוֹיל, אוּנְד דֶעם אָרֶעמֶען אוֹיס דֶער הַאנְד פוּן דֶעם שְׁטַארְקֶען׃ 16 אוּנְד דָאס אִיז גֶעוָוארֶען צוּ דֶעם אָרֶעמֶען אַ הָאפְנוּנְג, אוּנְד דִיא אוּמְגֶערֶעכְטִיגְקֵייט פֶערְשְׁלִיסְט אִיהְר מוֹיל׃ 17 זֶעה, גֶעבֶּענְשְׁט אִיז דֶער מֶענְשׁ וָואס גָאט שְׁטְרָאפְט אִיהְם, דַארוּם זָאלְסְט דוּא נִיט פֶערְאַכְטֶען דֶעם מוּסָר פוּן דֶעם אַלְמֶעכְטִיגֶען׃ 18 וָוארִין ער מַאכְט שְׁמֶערְצֶען אוּנְד ער טְהוּט פֶערְבִּינְדֶען, ער צוּשְׁלָאגְט, אוּנְד זַיינֶע הֶענְד טְהוּן עֶס װִידֶער הֵיילֶען׃ 19 ער װֶעט דִיךְ מַצִיל זַיין דוּרְךְ זֶעקְס צָרוֹת, אוּנְד דִיא זִיבֶּעטֶע װֶעט דִיר אוֹיךְ נִיט אָנְרִירֶען קֵיין שְׁלֶעכְטֶעס׃ 20 אִין הוּנְגֶערְס־נוֹיט װֶעט ער דִיךְ אוֹיסְלֶעזֶען פוּן דֶעם טוֹיט, אוּנְד אִין דֶער מִלְחָמָה, פוּן דֶער הַאנְד פוּן דֶעם שְׁװֶערְד׃ 21 דוּא װֶעסְט בֶּעהַאלְטֶען זַיין פוּן דֶער רוּט פוּן דֶער צוּנְג, אוּנְד דוּא װֶעסְט קֵיין מוֹרָא נִיט הָאבֶּען פַאר דִיא פֶערְוִויסְטוּנְג װֶען עֶס װֶעט אָנְקוּמֶען׃ 22 אִיבֶּער דִיא פֶערְוִויסְטוּנְג אוּנְד הוּנְגֶער װֶעסְט דוּא לַאכֶען, אוּנְד פַאר דִיא חַיוֹת פוּן לַאנְד װֶעסְט דוּא קֵיינֶע מוֹרָא הָאבֶּען׃ 23 וָוארִין דַיין בְּרִית װֶעט זַיין מִיט דִיא שְׁטֵיינֶער פוּן דֶעם פֶעלְד, אוּנְד דִיא חַיוֹת פוּן דֶעם פֶעלְד װֶעלֶען מִיט דִיר הָאבֶּען שָׁלוֹם׃ 24 אוּנְד דוּא װֶעסְט װִיסֶען אַז אִין דַיין גֶעצֶעלְט װֶעט זַיין שָׁלוֹם, אוּנְד דוּא װֶעסְט גֶעדֶענְקֶען אָן דַיינֶע וְואוֹינוּנְג אוּנְד דוּא װֶעסְט נִיט זִינְדִיגֶען׃ 25 אוּנְד דוּא װֶעסְט אוֹיךְ װִיסֶען אַז דַיין זָאמֶען װֶעט זַיין פִיל, אוּנְד דַיינֶע קִינְדֶערְ'ס קִינְדֶער, אַזוֹי װִיא דָאס גְרָאז פוּן דֶעם פֶעלְד׃ 26 דוּא װֶעסְט קוּמֶען צוּ דַיין קֶבֶר אִין אַ גוּטֶע עֶלְטֶער

אזוי

27 כַּעֲלוֹת גָּדִישׁ בְּעִתּוֹ׃ הִנֵּה־זֹאת חֲקַרְנוּהָ כֶּן־הִיא שְׁמָעֶנָּה
וְאַתָּה דַע־לָךְ׃

ו ו

א 2 וַיַּעַן אִיּוֹב וַיֹּאמַר׃ לוּ שָׁקוֹל יִשָּׁקֵל כַּעְשִׂי וְהַוָּתִי בְּמֹאזְנַיִם
3 יִשְׂאוּ־יָחַד׃ כִּי־עַתָּה מֵחוֹל יַמִּים יִכְבָּד עַל־כֵּן דְּבָרַי לָעוּ׃
4 כִּי חִצֵּי שַׁדַּי עִמָּדִי אֲשֶׁר חֲמָתָם שֹׁתָה רוּחִי בִּעוּתֵי אֱלוֹהַּ
ה יַעַרְכוּנִי׃ הֲיִנְהַק־פֶּרֶא עֲלֵי־דֶשֶׁא אִם יִגְעֶה־שּׁוֹר עַל־
6 בְּלִילוֹ׃ הֲיֵאָכֵל תָּפֵל מִבְּלִי־מֶלַח אִם־יֶשׁ־טַעַם בְּרִיר
7 8 חַלָּמוּת׃ מֵאֲנָה לִנְגּוֹעַ נַפְשִׁי הֵמָּה כִּדְוֵי לַחְמִי׃ מִי־יִתֵּן
9 תָּבוֹא שֶׁאֱלָתִי וְתִקְוָתִי יִתֵּן אֱלוֹהַּ׃ וְיֹאֵל אֱלוֹהַּ וִידַכְּאֵנִי
י יַתֵּר יָדוֹ וִיבַצְּעֵנִי׃ וּתְהִי־עוֹד ׀ נֶחָמָתִי וַאֲסַלְּדָה בְחִילָה
11 לֹא יַחְמוֹל כִּי־לֹא כִחַדְתִּי אִמְרֵי קָדוֹשׁ׃ מַה־כֹּחִי כִּי
12 אֲיַחֵל וּמַה־קִּצִּי כִּי־אַאֲרִיךְ נַפְשִׁי׃ אִם־כֹּחַ אֲבָנִים כֹּחִי
13 אִם־בְּשָׂרִי נָחוּשׁ׃ הַאִם אֵין עֶזְרָתִי בִי וְתֻשִׁיָּה נִדְּחָה מִמֶּנִּי׃
14 טו לַמָּס מֵרֵעֵהוּ חָסֶד וְיִרְאַת שַׁדַּי יַעֲזוֹב׃ אַחַי בָּגְדוּ כְמוֹ־
16 נָחַל כַּאֲפִיק נְחָלִים יַעֲבֹרוּ׃ הַקֹּדְרִים מִנִּי־קָרַח עָלֵימוֹ
17 יִתְעַלֶּם־שָׁלֶג׃ בְּעֵת יְזֹרְבוּ נִצְמָתוּ בְּחֻמּוֹ נִדְעֲכוּ מִמְּקוֹמָם׃
18 19 יִלָּפְתוּ אָרְחוֹת דַּרְכָּם יַעֲלוּ בַתֹּהוּ וְיֹאבֵדוּ׃ הִבִּיטוּ אָרְחוֹת
כ תֵּמָא הֲלִיכֹת שְׁבָא קִוּוּ־לָמוֹ׃ בֹּשׁוּ כִּי־בָטָח בָּאוּ עָדֶיהָ
21 22 וַיֶּחְפָּרוּ׃ כִּי־עַתָּה הֱיִיתֶם לוֹ תִּרְאוּ חֲתַת וַתִּירָאוּ׃ הֲכִי־
23 אָמַרְתִּי הָבוּ לִי וּמִכֹּחֲכֶם שִׁחֲדוּ בַעֲדִי׃ וּמַלְּטוּנִי מִיַּד־צָר
24 וּמִיַּד עָרִיצִים תִּפְדּוּנִי׃ הוֹרוּנִי וַאֲנִי אַחֲרִישׁ וּמַה־שָּׁגִיתִי
כה הָבִינוּ לִי׃ מַה־נִּמְרְצוּ אִמְרֵי־יֹשֶׁר וּמַה־יּוֹכִיחַ הוֹכֵחַ מִכֶּם׃
26 27 הַלְהוֹכַח מִלִּים תַּחְשֹׁבוּ וּלְרוּחַ אִמְרֵי נֹאָשׁ׃ אַף־עַל־יָתוֹם
28 תַּפִּילוּ וְתִכְרוּ עַל־רֵיעֲכֶם׃ וְעַתָּה הוֹאִילוּ פְנוּ־בִי וְעַל־
29 פְּנֵיכֶם אִם־אֲכַזֵּב׃ שֻׁבוּ־נָא אַל־תְּהִי עַוְלָה וְשֻׁבִי עוֹד צִדְקִי־
ל בָהּ׃ הֲיֵשׁ־בִּלְשׁוֹנִי עַוְלָה אִם־חִכִּי לֹא־יָבִין הַוּוֹת׃

אַזוֹי גוּט וויא אַ שֵׁייעֶר תְּבוּאָה וָואס גֶעהְט
אוֹיף אִין זַיינֶע צַייט׃ 27 זֶעה, דָאס דָאזִיגֶע
הָאבֶּען מִיר אוֹיסְגֶעפָארְשְׁט, אַזוֹי אִיז עֶס,
דָארוּם הֶער צוּ, אוּנְד דוּא װעסְט עֶס אַלֵיין
דֶערְקֶענֶען׃

קאפיטעל ו

1 אוּנְד אִיוֹב הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט, אוּנְד הָאט
גֶעזָאגְט׃ 2 הַלְוַאי הֶעט מֵיין צָארְן גוּט
גֶעוָואוֹיגֶען גֶעוָוארֶען, אוּנְד אוֹיךְ מֵיין אוּמְ־
גְלִיק אִין דִיא וָואגְשָׁאלֶען צוּזַאמֶען אוֹיפְ־
גֶעהוֹיבֶּען׃ 3 וָוארִין אַצוּנְד וָואלְטֶען זַייא
שְׁוֶוערֶער גֶעוֶועזֶען וויא דֶער זַאמְד פוּן
דִיא יַמִּים, דָארִיבֶּער זֶענֶען מֵיינֶע ווערְטֶער
פֶערְשְׁלוּנְגֶען׃ 4 וָוארִין דִיא פֵיילֶען פוּן
דֶעם אַלְמֶעכְטִיגֶען זֶענֶען מִיט (אָדֶער בֵּייא)
מִיר, אוּנְד מֵיין רוּחַ טְרִינְקְט זֵייעֶר גִיפְט,
דִיא שְׁרֶעקֶען פוּן גָאט שְׁטֶעלֶען (אָדֶער
בְּרֵייטֶען) אָן קֶעגֶען מִיר׃ 5 שְׁרֵייעֶט דֶען
אַ מוֹיל־עֶזֶעל אוֹיף דֶעם גְרָאז? אָדֶער
בְּרִילְט אֵיין אָקְס בֵּייא זֵיין גֶעמִישְׁט עֶסֶען?
6 קֶען מֶען דֶען עֶסֶען אַ זַאךְ וָואס הָאט קֵיין
גֶעשְׁמַאק אָהְן זַאלְץ? אָדֶער אִיז דֶען עֶפֶּעס
אַ טַעַם אִין דֶעם וֵייסֶעל פוּן אֵיין אֵיי?
7 דָאס וָואס מַיין נֶפֶשׁ וִויל נִיט אָנְרִירֶען אִיז
גֶעוָוארֶען מֵיינֶע שְׁמֶערְצְלִיכֶע (עֶקֶעלְהַאפְטֶע) שְׁפֵּייז׃ 8 הַלְוַאי וָואלְט דָאךְ מֵיין פֶערְלַאנְגֶען
אָנְגֶעקוּמֶען! אוּנְד גָאט הֶעט מִיר גֶעגֶעבֶּען נָאךְ מֵיינֶער הָאפְנוּנְג! 9 אַז גָאט זָאל ווֶעלֶען
מִיךְ צוּשְׁטוֹיסֶען, אַז עֶר וָואלְט זַיינֶע הַאנְד לוֹיז מַאכֶען כְּדֵי מִיךְ צוּ פֶערְשְׁנֵיידֶען׃ 10 אַזוֹי
הֶעט דָאס נָאךְ גֶעוֶועזֶען מֵיין טְרֵייסְט, אוּנְד אִיךְ הֶעט מִיךְ נָאךְ גֶעפְרֵייט מִיט מֵיין שְׁמֶערְץ,
עֶר הָאט זִיךְ נִיט דֶערְבַּארְמְט, וָוארִין אִיךְ הָאבּ פֶערְמִיטֶען דִיא ווערְטֶער פוּן דֶעם הֵיילִיגֶען׃
11 וָואס אִיז דֶען מֵיין כֹּחַ אַז אִיךְ זָאל הָאפֶען? אוּנְד וָואס אִיז מֵיין סוֹף דָאס אִיךְ זָאל פֶערְ־
לֶענְגֶערְן מֵיין לֶעבֶּען? 12 אִיז דֶען מֵיין כֹּחַ דֶער כֹּחַ פוּן שְׁטֵיינֶער? אָדֶער אִיז מֵיין פְלֵיישׁ
וויא קוּפֶּער? 13 אִיז דֶען נִיט מֵיינֶע הִילְף אִין מִיר? אָדֶער אִיז דִיא קְלוּגֶע עֵצָה פוּן מִיר
פֶערְשְׁטוֹיסֶען? 14 פוּן דֶעם וָואס אִיז פֶערְצָאגְט זָאל פוּן זֵיין פְרֵיינְד חֶסֶד גֶעטְהוּן ווערֶען,
עֶר פֶערְלָאזְט אַפִילוּ דִיא פָארְכְט פוּן דֶעם אַלְמֶעכְטִיגֶען׃ 15 מֵיינֶע בְּרִידֶער הָאבֶּען גֶע־
פֶעלְשְׁט אַזוֹי וויא אַ טֵייךְ, אוּנְד אַזוֹי וויא טֵייכֶען גֶעהְן זֵייא פֶערְבֵּייא׃ 16 וָואס זֶענֶען
שְׁוַוארְץ (גֶעפְרוֹירֶען) ווֶעגֶען דֶעם אֵייז, אוּנְד דֶער שְׁנֶע בֶּעהַאלְט זֵייא׃ 17 אָבֶּער אִין
דֶער וַוארְמֶער צֵייט צוּשְׁמֶעלְצֶען זֵייא, אוּנְד ווֶעגֶען דֶער הִיץ ווערֶען זֵייא אַוֶועקְגֶעשְׁטוֹי־
סֶען פוּן זֵייעֶר אָרְט׃ 18 דִיא שְׁטֶעגֶען פוּן זֵייעֶר ווֶעג ווערֶען אָפְּגֶענֵייגְט, אוּנְד זֵייא צוּגֶעהְן
אִין גָארְנִיט אוּנְד זֵייא ווערֶען פֶערְלוֹירֶען׃ 19 זֵייא קוּקֶען אוֹיף דִיא רֵייזֶענְדֶע פוּן תֵּמָא,
דִיא מַחֲנוֹת פוּן שְׁבָא הָאבֶּען אוֹיף זֵייא גֶעוַוארְט׃ 20 זֵייא זֶענֶען פֶערְשֶׁעהְמְט גֶעוָוארֶען
ווַייל זֵייא הָאבֶּען זִיךְ פֶערְזִיכֶערְט, זֵייא זֶענֶען דָארְט אָנְגֶעקוּמֶען אוּנְד זֵייא זֶענֶען פֶערְ־
שֶׁעהְמְט גֶעוָוארֶען׃ 21 וָוארִין אַצוּנְד זֶענְט אִיהְר צוּ אִיהְם גֶעגְלִיכֶען, אִיהְר זֶעהְט דֶעם בְּרָאךְ
דָארוּם הָאט אִיהְר מוֹרָא׃ 22 הָאבּ אִיךְ דֶען גֶעזָאגְט, גֶעט מִיר עֶפֶּעס? אָדֶער גֶעט שֹׁחַד פוּן
אֵייעֶר פֶערְמֶעגֶען מֵיינֶעטְוועגֶען׃ 23 אָדֶער זֵייט מִיךְ מַצִיל פוּן דֶעם פֵיינְד? אָדֶער דֶערְ־
לֶעזְט מִיךְ פוּן דֶער הַאנְד פוּן דִיא שְׁטַארְקֶע? 24 לֶעהְרְט מִיךְ אוּנְד אִיךְ ווֶעל שְׁווַייגֶען, אוּנְד
גֶעט מִיר צוּ פֶערְשְׁטֶעהְן מִיט וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעאִירְט? 25 וויא שְׁטַארְק זֶענֶען אוֹיפְרִיכְטִיגֶע
ווערְטֶער! אָבֶּער וָואס בֶּעווַייזֶען אֵיירֶע שְׁטְרָאפוּנְגֶען? 26 מֵיינְט אִיהְר דֶען דוּרְךְ ווערְטֶער
צוּ שְׁטְרָאפֶען? אָבֶּער דִיא ווערְטֶער זֶענֶען גֶעגְלִיכֶען צוּם ווִינְד׃ 27 אַפִילוּ אוֹיף דֶעם יָתוֹם
וַוארְפְט אִיהְר, אוּנְד אִיהְר גְרוּבְּט גְרִיבֶּער פַאר אֵיירֶע פְרַיינְדֶע׃ 28 אָבֶּער אַצוּנְד ווֶען אִיהְר
ווִילְט, קֶעהְרְט אֵייךְ צוּ מִיר אוֹיבּ אִיךְ ווֶעל פָאר אֵייעֶר פָּנִים לִיגֶען זָאגֶען׃ 29 קֶעהְרְט אֵייךְ
דָאךְ אוּם, אוּנְד לָאז קֵיין אוּמְרֶעכְט זֵיין, יוֹא קֶעהְרְט אֵייךְ דָאךְ אוּם, מֵיינֶע גֶערֶעכְטִיגְקֵייט
אִיז דַארִין׃ 30 אִיז דֶען אֵיין אוּמְרֶעכְט אִין מַיינֶע צוּנְג? אָדֶער פֶערְשְׁטֶעהְט נִיט מֵיין
גוֹימֶען דִיא אוּמְגֶערֶעכְטִיגְקֵייט?

בְּעֵינֵיכֶם׃ טֹרֵף נַפְשׁוֹ בְּאַפּוֹ הַלְמַעַנְךָ תֵּעָזַב אָרֶץ וְיֶעְתַּק 4
צוּר מִמְּקֹמוֹ׃ גַּם אוֹר רְשָׁעִים יִדְעָךְ וְלֹא־יִגַּהּ שְׁבִיב אִשּׁוֹ׃ ה
אוֹר חָשַׁךְ בְּאָהֳלוֹ וְנֵרוֹ עָלָיו יִדְעָךְ׃ יֵצְרוּ צַעֲדֵי אוֹנוֹ 6 7
וְתַשְׁלִיכֵהוּ עֲצָתוֹ׃ כִּי־שֻׁלַּח בְּרֶשֶׁת בְּרַגְלָיו וְעַל־שְׂבָכָה 8
יִתְהַלָּךְ׃ יֹאחֵז בְּעָקֵב פָּח יַחֲזֵק עָלָיו צַמִּים׃ טָמוּן בָּאָרֶץ 9 י
חַבְלוֹ וּמַלְכֻּדְתּוֹ עֲלֵי נָתִיב׃ סָבִיב בִּעֲתֻהוּ בַלָּהוֹת וֶהֱפִיצֻהוּ 11
לְרַגְלָיו׃ יְהִי־רָעֵב אֹנוֹ וְאֵיד נָכוֹן לְצַלְעוֹ׃ יֹאכַל בַּדֵּי עוֹרוֹ 12 13
יֹאכַל בַּדָּיו בְּכוֹר מָוֶת׃ יִנָּתֵק מֵאָהֳלוֹ מִבְטַחוֹ וְתַצְעִדֵהוּ 14
לְמֶלֶךְ בַּלָּהוֹת׃ תִּשְׁכּוֹן בְּאָהֳלוֹ מִבְּלִי־לוֹ יְזֹרֶה עַל־נָוֵהוּ טו
גָפְרִית׃ מִתַּחַת שָׁרָשָׁיו יִבָשׁוּ וּמִמַּעַל יִמַּל קְצִירוֹ׃ זִכְרוֹ־ 16 17
אָבַד מִנִּי־אָרֶץ וְלֹא־שֵׁם לוֹ עַל־פְּנֵי־חוּץ׃ יֶהְדְּפֻהוּ מֵאוֹר 18
אֶל־חֹשֶׁךְ וּמִתֵּבֵל יְנִדֻּהוּ׃ לֹא נִין לוֹ וְלֹא־נֶכֶד בְּעַמּוֹ וְאֵין 19
שָׂרִיד בִּמְגוּרָיו׃ עַל־יוֹמוֹ נָשַׁמּוּ אַחֲרֹנִים וְקַדְמֹנִים אָחֲזוּ כ
שָׂעַר׃ אַךְ־אֵלֶּה מִשְׁכְּנוֹת עַוָּל וְזֶה מְקוֹם לֹא־יָדַע־אֵל׃ 21

## יט

יט
וַיַּעַן אִיּוֹב וַיֹּאמַר׃ עַד־אָנָה תּוֹגְיוּן נַפְשִׁי וּתְדַכְּאוּנַנִי בְמִלִּים׃ א 2
זֶה ׀ עֶשֶׂר פְּעָמִים תַּכְלִימוּנִי לֹא־תֵבֹשׁוּ תַּהְכְּרוּ־לִי׃ וְאַף־ 3 4
אָמְנָם שָׁגִיתִי אִתִּי תָּלִין מְשׁוּגָתִי׃ אִם־אָמְנָם עָלַי תַּגְדִּילוּ ה
וְתוֹכִיחוּ עָלַי חֶרְפָּתִי׃ דְּעוּ־אֵפוֹ כִּי־אֱלוֹהַּ עִוְּתָנִי וּמְצוּדוֹ 6
עָלַי הִקִּיף׃ הֵן אֶצְעַק חָמָס וְלֹא אֵעָנֶה אֲשַׁוַּע וְאֵין מִשְׁפָּט׃ 7
אָרְחִי גָדַר וְלֹא אֶעֱבוֹר וְעַל נְתִיבוֹתַי חֹשֶׁךְ יָשִׂים׃ כְּבוֹדִי 8 9
מֵעָלַי הִפְשִׁיט וַיָּסַר עֲטֶרֶת רֹאשִׁי׃ יִתְּצֵנִי סָבִיב וָאֵלַךְ י
וַיַּסַּע כָּעֵץ תִּקְוָתִי׃ וַיַּחַר עָלַי אַפּוֹ וַיַּחְשְׁבֵנִי לוֹ כְצָרָיו׃ 11
יַחַד ׀ יָבֹאוּ גְדוּדָיו וַיָּסֹלּוּ עָלַי דַּרְכָּם וַיַּחֲנוּ סָבִיב לְאָהֳלִי׃ 12
אַחַי מֵעָלַי הִרְחִיק וְיֹדְעַי אַךְ־זָרוּ מִמֶּנִּי׃ חָדְלוּ קְרוֹבָי 13 14
וּמְיֻדָּעַי שְׁכֵחוּנִי׃ גָּרֵי בֵיתִי וְאַמְהֹתַי לְזָר תַּחְשְׁבֻנִי נָכְרִי טו
הָיִיתִי בְעֵינֵיהֶם׃ לְעַבְדִּי קָרָאתִי וְלֹא יַעֲנֶה בְּמוֹ־פִי 16
אֶתְחַנֶּן־לוֹ׃ רוּחִי זָרָה לְאִשְׁתִּי וְחַנֹּתִי לִבְנֵי בִטְנִי׃ גַּם־ 17 18

לאנד פערלאזען ווערען? אונד זאל דער
פעלז אוועקגעריסען ווערען פון זיין ארט?
5 יא, אפילו דאס ליכט פון די רשעים
וועט אויסגעלאשען ווערען, אונד קיין פונק
פון זיין פייער זאל ניט לייכטען: 6 דאס
ליכט וועט פינסטער ווערען אין זיין גע־
צעלט, אונד זיינע לאמפ וועט מיט איהם
אויסגעלאשען ווערען: 7 די טריט פון
זיין כח וועלען ענג ווערען, אונד זיינע איי־
גענע עצה וועט איהם פערווארפען: 8 ווא־
רין ער ווערט געשיקט מיט זיינע אייגענע
פיס אין דעם נעץ, אונד אויף דעם שטרוי־
כעל־נעץ טהוט ער געהן: 9 דאס נעץ
חאפט איהם אן ביי דעם טריט, אונד די
רויבערס וועלען זיך קעגען איהם שטאר־
קען: 10 זיינע שטריק־(נעץ) זענען בע־
האלטען אין דער ערד, אונד זיינע בעצווינ־
גענים אויף דעם שטעג: 11 ציטערניס
וועלען איהם ארום אונד ארום דערשרע־
קען, אונד זיי וועלען איהם צושפרייטען
צו זיינע פיס: 12 זיינע מאכט (אדער זוהן)
וועט פערהונגערט ווערען, אונד א פער־
וויסטונג איז אנגעברייט ביי זיינע זייט:
13 עס וועט אויפעסען די שטאנגען פון
זיינע הויט, אפילו זיינע איבערגעבליבענע
וועט דער בכור פון דעם טויט אויפעסען: 14 זיינע פערזיכערונג וועט אויסגעריסען ווערען
פון זיין געצעלט, אונד מען וועט איהם אהינשיקען צו דעם מלך פון שרעקען (מַלְאַךְ הַמָּוֶת):
15 ער וועט וואוינען אין זיין געצעלט, חאטשע ער געהערט ניט צו איהם, אונד איבער זיינע
וואוינונג וועט שוועבעל אויסגעשפרייט ווערען: 16 זיינע וואורצעל וועלען פון אונטען פער־
דארט ווערען, אונד פון אויבען וועלען זיינע צווייגען אפגעשניטען ווערען: 17 זיין געדעכ־
טעניס וועט פון דער ערד פערלוירען ווערען, אונד ער וועט קיין שם האבען אויף דער גאס:
18 ער וועט פערטריבען ווערען פון דעם ליכט צו דער פינסטערניס, אונד פון דער וועלט וועט
מען איהם פערשטויסען: 19 עס וועט איהם ניט בלייבען קיין זוהן אונד קיין איינִיקעל צווישען
זיין פאלק, אונד קיינע איבערבלייבונג אין זיינע וואוינונגען: 20 די וואס וועלען נאך איהם
קומען וועלען זיך וואונדערן איבער זיין טאג, אונד די וואס זענען פאר איהם געוועזען נעמט
אן א שטורם: 21 אפילו די דאזיגע זענען די וואוינונגען פון די אומרעכטע, אונד דאס איז
דער ארט פון דעם וואס קען ניט גאט:

## קאפיטעל יט

1 אונד איוב האט געענטפערט, אונד געזאגט: 2 ביז וויא לאנג נאך וועט איהר מיין נפש טרוי־
ריג מאכען, אונד מיך צושטויסען מיט ווערטער? 3 שוין די דאזיגע צעהן מאל האט איהר
מיך פערשעהמט געמאכט, איהר שעהמט אייך ניט דאס איהר מאכט אייך פרעמד צו מיר:
4 אונד ווען איך האב מיך טאקע געאירט, אזוי בלייבט דאך ביי מיר אליין דער אירטום:
5 אונד אויב איהר ווילט אייך איבער מיר גרויס מאכען, אונד איהר ווילט מיך שטראפען ווע־
גען מיינע זינד: 6 אזוי זאלט איהר וויסען אז גאט האט מיך פערקרימט, אונד ער האט מיך
ארומגערינגעלט מיט זיין נעץ: 7 זעהט, איך שרייא וועגען דער רויבעריי אבער קיינער
ענטפערט מיר, איך שרייא אויס אבער עס איז ניט דא קיין משפט: 8 מיין וועג איז פערצוימט
דאס איך קען ניט אריבערגעהן, אונד אויף מיינע שטעגען האט ער געמאכט א פינסטערניס:
9 מיין כבוד האט ער פון מיר אפגעצויגען, אונד מיינע קרוין האט ער אפגעטהון פון מיין קאפ:
10 ער האט מיך צושטויסען ארום אונד ארום, אונד איך בין אוועקגעגאנגען, אונד מיינע האפ־
נונג האט ער אוועקגעטהון אזוי וויא א בוים: 11 אונד זיין צארן האט קעגען מיר דערגרימט,
אונד ער האט מיך גערעכענט אזוי וויא זיין פיינד: 12 זיינע חיילות זענען מיט איינאנדער גע־
קומען, אונד זיי האבען אויף מיר דערהויבען זייער וועג, אונד זיי האבען זיך געלאגערט
ארום מיין געצעלט ארום: 13 ער האט אפילו מיינע ברידער פון מיר דערווייטערט, אויך מיינע
בעקאנטע זענען פון מיר פרעמד געווארען: 14 מיינע קרובים האבען זיך פון מיר פערמיי־
טען, אונד מיינע פריינדע האבען מיך פערגעסען: 15 די וואס וואוינען אין מיין הויז, אונד

19 עוילים מאסו בי אקומה וידברו־בי׃ תעבוני כל־מתי
כ סודי וזה־אהבתי נהפכו־בי׃ בעורי ובבשרי דבקה
21 עצמי ואתמלטה בעור שני׃ חנני חנני אתם רעי כי יד־
22 אלוה נגעה בי׃ למה תרדפני כמו־אל ומבשרי לא
23 תשבעו׃ מי־יתן אפו ויכתבון מלי מי־יתן בספר ויחקו׃
24 כה בעט־ברזל ועפרת לעד בצור יחצבון׃ ואני ידעתי גאלי
26 חי ואחרון על־עפר יקום׃ ואחר עורי נקפו־זאת ומבשרי
27 אחזה אלוה׃ אשר אני ׀ אחזה־לי ועיני ראו ולא־זר כלו
28 כליתי בחקי׃ כי תאמרו מה־נרדף־לו ושרש דבר
29 נמצא־בי׃ גורו לכם ׀ מפני־חרב כי־חמה עונות חרב
למען תדעון שדין׃

## כ

2 א ויען צופר הנעמתי ויאמר׃ לכן שעפי ישיבוני ובעבור
3 חושי בי׃ מוסר כלמתי אשמע ורוח מבינתי יענני׃
4 ה הזאת ידעת מני־עד מני שים אדם עלי־ארץ׃ כי רננת
6 רשעים מקרוב ושמחת חנף עדי־רגע׃ אם־יעלה לשמים
7 שיאו וראשו לעב יגיע׃ כגללו לנצח יאבד ראיו יאמרו
8 9 איו׃ כחלום יעוף ולא ימצאהו וידד כחזיון לילה׃ עין
י שזפתו ולא תוסיף ולא־עוד תשורנו מקומו׃ בניו ירצו
11 דלים וידיו תשבנה אונו׃ עצמותיו מלאו עלומו ועמו
12 על־עפר תשכב׃ אם־תמתיק בפיו רעה יכחידנה תחת
13 לשונו׃ יחמל עליה ולא יעזבנה וימנענה בתוך חכו׃
14 טו לחמו במעיו נהפך מרורת פתנים בקרבו׃ חיל בלע
16 ויקאנו מבטנו ירשנו אל׃ ראש־פתנים יינק תהרגהו
17 לשון אפעה׃ אל־ירא בפלגות נהרי נחלי דבש וחמאה׃
18 19 משיב יגע ולא יבלע כחיל תמורתו ולא יעלס׃ כי־רצץ
כ עזב דלים בית גזל ולא יבנהו׃ כי ׀ לא־ידע שלו בבטנו

אפילו מיינע דינסטמעדען רעכענען מיך פאר א פרעמדען, איך בין געווארען אין זייערע אויגען גלייך וויא א פרעמדער: 16 איך רוף צו מיין קנעכט אָבער ער ענטפערט מיר ניט, איך מוז איהם בעטען מיט מיין מויל: 17 מיין אָטעם איז פרעמד געווארען צו מיין ווייב, אונד איך מוז בעטען צו דיא קינדער פון מיין בויך: 18 אפילו קליינע קינדער פעראכטען מיך, איך בין אויפגעשטאנען, אונד זייא רעדען קעגען מיר: 19 אלע לייט פון מיין סוד האבען מיך פעראומווירדיגט, אונד דיא וואס איך האב ליב געהאט האבען זיך קעגען מיר אומגעקעהרט: 20 מיינע ביינער האבען זיך בעהעפט אן מיינע הויט אונד אן מיין פליישׁ, אונד איך בין אנטרונען געווארען מיט דיא הויט פון מיינע ציין: 21 דערבארמט אייך! דערבארמט אייך איבער מיר, ווארין איהר זענט דאך מיינע פריינד! ווארין דיא האנד פון גאט האט מיך אנגעריהרט: 22 פארוואס זאלט איהר מיך נאכיאגען אזוי וויא גאט, אונד איהר זענט דאך ניט זאט פון מיין פליישׁ? 23 הלואי וואלטען מיינע ווערטער אנגעשריבען געווען! הלואי וואלטען זייא אויסגעקריצט געווען אין א ספר! 24 אָ דאס זייא ווערען אויסגעקריצט מיט אייזען אונד א בליישטיפט אויף עביג אין א פעלזענשטיין: 25 אָבער איך ווייס דאס מיין גואל לעבט, אונד דאס ער וועט אין דיא לעצטע טעג שטעהן אויף דער ערד: 26 אונד חאטשע דיא ווערם וועלען נאכדעם מיינע הויט (אונד גוף) פערדארבען, דאך וועל איך אין מיין פליישׁ גאט זעהען: 27 וועמען איך וועל אליין זעהען; אונד מיינע אייגענע אויגען וועלען איהם זעהען אונד ניט קיין פרעמדער, חאטשע מיינע נירען וועלען פערלענט ווערען אין מיין שויס: 28 אָבער איהר זאלט זאגען, פארוואס יאגען מיר איהם נאך, ווען דער שׁרש פון דער זאך געפינט זיך אין מיר? 29 פארכט אייך פאר דעם שווערד, ווארין דער צארן ברענגט א שווערד וועגען דיא זינד, כדי איהר זאלט וויסען אז עס איז דא א דין אויף דער וועלט:

## קאפיטעל כ

1 אונד צופר הנעמתי האט געענטפערט, אונד געזאגט: 2 דארום מאכען מיך מיינע געדאנקען ענטפערן, אונד וועגען דעם אייל איך מיך אין מיר אליין: 3 איך האב געהערט דיא שטראף פון מיינע שאנד, אונד דער גייסט פון מיינע פערשטענדיגקייט מאך מיך ענטפערן: 4 ווייסט דו דען ניט אז דאס דאזיגע איז פון עביג אן פון דער צייט ווען דער מענש איז אויף דער ערד געשטעלט געווארען? 5 ווארין דער געזאנג פון דיא רשעים איז פון דער נאהענט, אונד דיא פרייד פון דעם הייכלער געדויערט נאר אויף איין אויגענבליק? 6 חאטשע זיינע הויכקייט גרייכט ארויף ביז צו דעם הימעל, אונד זיין קאפ גרייכט ביז צו דעם וואלקען: 7 דאך וועט ער אויף עביג פערלוירען ווערען אזוי וויא זיין אייגען מיסט, אונד דיא וואס האבען איהם געזעהען וועלען זאגען, אוואו איז ער? 8 ער וועט אוועקפליהען אזוי וויא א חלום, אונד ער וועט ניט מעהר געפונען ווערען, אונד ער וועט פערוואגעלט ווערען אזוי וויא א זעהונג (א חלום) אין דער נאכט: 9 דאס אויג וואס האט איהם געזעהען וועט איהם ניט מעהר זעהען, אונד זיין ארט וועט איהם אויך ניט מעהר זעהען: 10 זיינע קינדער וועלען אפילו זוכען דיא ארעמע לייט וואוילצוגעפאלען, אונד זיינע הענד וועט צוריקגעבען זיין פערמעגען: 11 חאטשע זיינע ביינער זענען פול מיט יוגענד־קראפט, וועלען זייא זיך דאך מיט איהם אין דעם שטויב לעגען: 12 חאטשע דאס שלעכטע איז זיס אין זיין מויל, אונד ער בעהאלט עס אונטער זיינע צונג: 13 ער דערבארמט זיך דאריבער אונד פערלאזט עס ניט, נייערט ער האלט עס נאך אין זיין גומען: 14 אזוי ווערט דאך זיינע שפייז אומגעקעהרט אין זיינע געדערם, אונד עס איז ביטער וויא גיפט אין איהם: 15 ער האט רייכטום איינגעשלונגען, אָבער ער וועט עס אויסשפייען, גאט וועט עס ארויסטרייבען אויס זיין בויך: 16 ער וועט זייגען דאס גיפט פון שלאנגען, אונד דיא צונג פון דער שלאנג וועט איהם הרג'נן: 17 ער וועט ניט זעהען

דיא

בַּחֲמוּדוֹ לֹא יְמַלֵּט׃ אֵין־שָׂרִיד לְאָכְלוֹ עַל־כֵּן לֹא־יָחִיל 21
טוּבוֹ׃ בִּמְלֹאות שִׂפְקוֹ יֵצֶר לוֹ כָּל־יַד עָמֵל תְּבֹאֶנּוּ׃ 22
יְהִי ׀ לְמַלֵּא בִטְנוֹ יְשַׁלַּח־בּוֹ חֲרוֹן אַפּוֹ וְיַמְטֵר עָלֵימוֹ 23
בִּלְחוּמוֹ׃ יִבְרַח מִנֵּשֶׁק בַּרְזֶל תַּחְלְפֵהוּ קֶשֶׁת נְחוּשָׁה׃ 24
שָׁלַף וַיֵּצֵא מִגֵּוָה וּבָרָק מִמְּרֹרָתוֹ יַהֲלֹךְ עָלָיו אֵמִים׃ כָּל־ כה 26
חֹשֶׁךְ טָמוּן לִצְפוּנָיו תְּאָכְלֵהוּ אֵשׁ לֹא־נֻפָּח יֵרַע שָׂרִיד
בְּאָהֳלוֹ׃ יְגַלּוּ שָׁמַיִם עֲוֺנוֹ וְאֶרֶץ מִתְקוֹמָמָה לוֹ׃ יִגֶל יְבוּל 27 28
בֵּיתוֹ נִגָּרוֹת בְּיוֹם אַפּוֹ׃ זֶה ׀ חֵלֶק־אָדָם רָשָׁע ׀ מֵאֱלֹהִים 29
וְנַחֲלַת אִמְרוֹ מֵאֵל׃

## כא

כא

וַיַּעַן אִיּוֹב וַיֹּאמַר׃ שִׁמְעוּ שָׁמוֹעַ מִלָּתִי וּתְהִי־זֹאת א 2
תַּנְחוּמֹתֵיכֶם׃ שָׂאוּנִי וְאָנֹכִי אֲדַבֵּר וְאַחַר דַּבְּרִי תַלְעִיג׃ 3
הֶאָנֹכִי לְאָדָם שִׂיחִי וְאִם־מַדּוּעַ לֹא־תִקְצַר רוּחִי׃ פְּנוּ־אֵלַי 4 ה
וְהָשַׁמּוּ וְשִׂימוּ יָד עַל־פֶּה׃ וְאִם־זָכַרְתִּי וְנִבְהָלְתִּי וְאָחַז 6
בְּשָׂרִי פַּלָּצוּת׃ מַדּוּעַ רְשָׁעִים יִחְיוּ עָתְקוּ גַּם־גָּבְרוּ חָיִל׃ 7
זַרְעָם ׀ נָכוֹן לִפְנֵיהֶם עִמָּם וְצֶאֱצָאֵיהֶם לְעֵינֵיהֶם׃ בָּתֵּיהֶם 8 9
שָׁלוֹם מִפָּחַד וְלֹא שֵׁבֶט אֱלוֹהַּ עֲלֵיהֶם׃ שׁוֹרוֹ עִבַּר וְלֹא י
יַגְעִל תְּפַלֵּט פָּרָתוֹ וְלֹא תְשַׁכֵּל׃ יְשַׁלְּחוּ כַצֹּאן עֲוִילֵיהֶם 11
וְיַלְדֵיהֶם יְרַקֵּדוּן׃ יִשְׂאוּ כְּתֹף וְכִנּוֹר וְיִשְׂמְחוּ לְקוֹל עוּגָב׃ 12
יְבַלּוּ בַטּוֹב יְמֵיהֶם וּבְרֶגַע שְׁאוֹל יֵחָתּוּ׃ וַיֹּאמְרוּ לָאֵל סוּר 13 14
מִמֶּנּוּ וְדַעַת דְּרָכֶיךָ לֹא חָפָצְנוּ׃ מַה־שַׁדַּי כִּי־נַעַבְדֶנּוּ טו
וּמַה־נּוֹעִיל כִּי נִפְגַּע־בּוֹ׃ הֵן לֹא בְיָדָם טוּבָם עֲצַת רְשָׁעִים 16
רָחֲקָה מֶנִּי׃ כַּמָּה ׀ נֵר־רְשָׁעִים יִדְעָךְ וְיָבֹא עָלֵימוֹ אֵידָם 17
חֲבָלִים יְחַלֵּק בְּאַפּוֹ׃ יִהְיוּ כְּתֶבֶן לִפְנֵי־רוּחַ וּכְמֹץ גְּנָבַתּוּ 18
סוּפָה׃ אֱלוֹהַּ יִצְפֹּן־לְבָנָיו אוֹנוֹ יְשַׁלֵּם אֵלָיו וְיֵדָע׃ יִרְאוּ 19 כ
עֵינָו כִּידוֹ וּמֵחֲמַת שַׁדַּי יִשְׁתֶּה׃ כִּי מַה־חֶפְצוֹ בְּבֵיתוֹ 21
אַחֲרָיו וּמִסְפַּר חֳדָשָׁיו חֻצָּצוּ׃ הַלְאֵל יְלַמֶּד־דָּעַת וְהוּא 22

דיא פְלייצֶעדיגֶע טייכֶען, דיא טייכֶען פוּן הָאניג אוּנד פוּטֶער: 18 עֶר וועט צוּריקגֶעבֶּען דָאס פַאר וואס עֶר הָאט זיך בֶּעמיהט, אוּנד עֶר וועט עס ניט פֶערשְׁלינגֶען, נָאך זיין פֶערמֶעגֶען וועט עֶר עס מוּזֶען צוּריקגֶעבֶּען, אוּנד עֶר וועט זיך ניט פְרייעֶן: 19 ווייל עֶר הָאט צוּשְׁטוֹיסֶען אוּנד פֶערלָאזֶען דיא אָרעמֶע, עֶר הָאט גֶעגַזֶלְת אַ הוֹיז וואס עֶר הָאט ניט גֶעבּוֹיעט: 20 ווייל עֶר וויים ניט פוּן קיין שַׁלְוָה אין זיין בּוֹיך, עֶר וועט ניט אַנְטְרינֶען מַאכֶען פוּן דֶעם וואס עֶר גְלוּסְט: 21 עֶס וועט גָארניט איבֶּערבְּלייבֶּען פוּן זיין עֶסֶען, דָארוּם וועט קיינֶער ניט דֶערוַוארְטֶען זיין גוּטֶעס: 22 אַפּילוּ אין זיינֶער פוּלְהייט אוּנד צוּפְרידֶענְהייט וועט איהם עֶנג זיין, אוּנד איטְליכֶע מידֶע הַאנד וועט איבֶּער איהם קוּמֶען: 23 עֶס וועט זיין, ווען עֶר וועט ווֶעלֶען זיין בּוֹיך פילֶען אַזוֹי וועט (גָאט) איבֶּער איהם שיקֶען זיין גְרימְצָארְן, אוּנד עֶר וועט איבֶּער איהם לָאזֶען רֶעגְנֶען ווייל עֶר טְהוּט נָאך עֶסֶען: 24 ווען עֶר וועט אַוֶועקְלוֹיפֶען פוּן דיא אייזֶערְנֶע וַואפֶען, אַזוֹי וועט איהם דוּרְכְשְׁלָאגֶען דֶער קוּפֶערְנֶער בּוֹיגֶען: 25 עֶר וועט עֶס אוֹיסְציהֶען אוּנד עֶס וועט אַרוֹיסְגֶעהֶן פוּן זיין קֶערְפֶּער, יוֹא דָאס גְלַאנְציגֶע שְׁווֶערד וועט דוּרְכְגֶעהֶן דוּרְך זיינֶע גַאל אוּנד אַ שְׁרֶעק וועט איבֶּער איהם זיין: 26 אַלֶערְלייא פִינְסְטֶערְנִיס ווערְט בֶּעהַאלְטֶען אין זיינֶע בֶּעהַאלְטֶענִיס, אַ פייעֶר וואס ווערְט ניט גֶעבְּלָאזֶען וועט איהם פֶערְבְּרֶענֶען, עֶס וועט שְׁלֶעכְט זיין פַאר דֶעם וואס וועט איבֶּערְבְּלייבֶּען אין זיין גֶעצֶעלְט: 27 דיא הימֶעל טְהוּן אַנְטְפְּלֶעקֶען זיינֶע זינְד, אוּנד דיא עֶרד שְׁטֶעהְט אוֹיף קֶעגֶען איהם: 28 דָאס איינְקוּמֶען פוּן זיין הוֹיז וועט פֶערְטְריבֶּען ווערֶען, אוּנד זיין פֶערְמֶעגֶען וועט צוּרינֶען אין דֶעם טָאג פוּן זיין צָארְן: 29 דָאס איז דָאס חֵלֶק פוּן גָאט פַאר דֶעם מֶענְשׁ וואס איז אַ רָשָׁע, אוּנד דיא נַחֲלָה וואס איז זיינֶע צוּזָאג פוּן גָאט:

## קאפיטעל כא

1 אוּנד איוֹב הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט, אוּנד גֶעזָאגְט: 2 הֶערְט גוּט צוּ מיינֶע ווערְטֶער, אוּנד לָאז דָאס דָאזיגֶע זיין אייעֶר טְרוֹיסְט: 3 דֶערְטְרָאגְט מיט מיר אוּנד איך וועל רֶעדֶען, אוּנד נָאכְדֶעם ווען איך הָאבּ גֶערֶעט קֶענְט איהר שְׁפֶּעטֶען: 4 טְהוּא איך מיך דֶען בֶּעקְלָאגֶען צוּ אַ מֶענְשׁ? אוּנד ווען עֶס וואלְט שוֹין אַזוֹי גֶעוועזֶען פַארְוָואס זָאל איך ניט אוּנְגֶעדוּלְדיג ווערֶען? 5 קֶעהְרְט אייך צוּ מיר אַזוֹי וועט איהר אייך פֶערְווְאוּנְדֶערְן, אוּנד לֶעגְט דיא הַאנְד אוֹיף אייעֶר מוֹיל: 6 אַפּילוּ ווען איך דֶערְמַאן מיך, אַזוֹי ווער איך דֶערְשְׁרָאקֶען, אוּנד אַ ציטֶערְנִיס הַאפְּט אָן מיין פְלֵייש: 7 פַארְוָואס לֶעבֶּען דיא רְשָׁעִים, זייא ווערֶען אַלְט, זייא הָאבֶּען אוֹיך שְׁטַארְקֶע מַאכְט: 8 זיירֶע קינְדֶער זֶענֶען מיט זייא אָנְגֶעבְּרייט, אוּנד זיירֶע קינְדֶער'ס קינְדֶער זֶענֶען פָאר זיירֶע אוֹיגֶען: 9 זיירֶע היידֶער זֶענֶען בְּשָׁלוֹם אָהְן פָארְכְט, אוּנד דיא רוּט פוּן גָאט איז אוֹיך ניט אוֹיף זייא: 10 זיין אָקְס מַאכְט טְרָאגֶענְדיג, אוּנד פֶערְוַוארְפְט ניט, זיינֶע קיה קַאלְבֶּען אוּנד פֶערְוַוארְפֶען ניט (זֶענֶען ניט מַפִּיל): 11 זייא שיקֶען אַוֶועק זיירֶע קְלֵיינֶע קינְדֶער אַזוֹי וויא שָׁאף, אוּנד זיירֶע יוּנְגֶע קינְדֶער טַאנְצֶען: 12 זייא הֶעבֶּען אוֹיף דיא פוּיק אוּנד הַארְף, אוּנד זייא פְריֶיעֶן זיך מיט דֶעם קוֹל פוּן דיא אָרְגֶעל: 13 זייא פֶערְלֶעבֶּען זיירֶע טֶעג אין גוּטֶעס, אָבֶּער אין איינֶע רֶגַע גֶעהְן זייא אַרוּפּ אין דֶעם שְׁאוֹל: 14 אוּנד דָאך זָאגֶען זייא צוּ גָאט, קֶעהְר אָפּ פוּן אוּנְס, וָוארין מיר פֶערְלַאנְגֶען ניט צוּ וויסֶען דיינֶע וועגֶען: 15 ווער איז דֶער אַלְמֶעכְטיגֶער אַז מיר זָאלֶען איהם דינֶען? אוּנד וואס וועט אוּנְס הֶעלְפֶען ווען מיר ווֶעלֶען צוּ איהם בֶּעטֶען? 16 זֶעה עֶס איז קיין גוּטֶעס אין אייעֶרֶע הֶענְד, דיא עֵצוֹת פוּן רְשָׁעִים זֶענֶען וויִיט פוּן מיר: 17 וויא פיל מָאל ווערְט דָאס ליכְט פוּן דיא רְשָׁעִים אוֹיסְגֶעלָאשֶׁען? אוּנד וויא אָפְט קוּמְט איבֶּער זייא אַ בְּרָאך? עֶר (גָאט) טיילְט צוּ זייא אוּיס שְׁמֶערְצֶען אין זיין צָארְן: 18 זייא ווֶעלֶען זיין אַזוֹי וויא שְׁטְרוֹיא פָאר דֶעם ווינְד אוּנד וויא פְּלַאוֶוע וואס דֶער שְׁטוּרְמְווינְד גַנְבֶ'ט אַוֶועק: 19 גָאט וועט פַאר זיינֶע (דֶעם רָשָׁע'ס) קינְדֶער בֶּעהַאלְטֶען דיא שְׁטְרָאף, עֶר וועט איהם בֶּעצָאהְלֶען אוּנד עֶר וועט עֶס

23 רָמִים יִשְׁפּוֹט: זֶה יָמוּת בְּעֶצֶם תֻּמּוֹ כֻּלּוֹ שַׁלְאֲנַן וְשָׁלֵיו:
24 כה עֲטִינָיו מָלְאוּ חָלָב וּמֹחַ עַצְמוֹתָיו יְשֻׁקֶּה: וְזֶה יָמוּת בְּנֶפֶשׁ
26 מָרָה וְלֹא אָכַל בַּטּוֹבָה: יַחַד עַל־עָפָר יִשְׁכָּבוּ וְרִמָּה
27 תְּכַסֶּה עֲלֵיהֶם: הֵן יָדַעְתִּי מַחְשְׁבוֹתֵיכֶם וּמְזִמּוֹת עָלַי
28 תַּחְמֹסוּ: כִּי תֹאמְרוּ אַיֵּה בֵית־נָדִיב וְאַיֵּה אֹהֶל ׀ מִשְׁכְּנוֹת
29 רְשָׁעִים: הֲלֹא שְׁאֶלְתֶּם עוֹבְרֵי דָרֶךְ וְאֹתֹתָם לֹא תְנַכֵּרוּ:
ל 31 כִּי לְיוֹם אֵיד יֵחָשֶׂךְ רָע לְיוֹם עֲבָרוֹת יוּבָלוּ: מִי־יַגִּיד עַל־
32 פָּנָיו דַּרְכּוֹ וְהוּא־עָשָׂה מִי יְשַׁלֶּם־לוֹ: וְהוּא לִקְבָרוֹת יוּבָל
33 וְעַל־גָּדִישׁ יִשְׁקוֹד: מָתְקוּ־לוֹ רִגְבֵי־נָחַל וְאַחֲרָיו כָּל־אָדָם
34 יִמְשׁוֹךְ וּלְפָנָיו אֵין מִסְפָּר: וְאֵיךְ תְּנַחֲמוּנִי הָבֶל וּתְשׁוּבֹתֵיכֶם
נִשְׁאַר־מָעַל:

## כב

כב

2 א וַיַּעַן אֱלִיפַז הַתֵּימָנִי וַיֹּאמַר: הַלְאֵל יִסְכָּן־גָּבֶר כִּי־יִסְכֹּן
3 עָלֵימוֹ מַשְׂכִּיל: הַחֵפֶץ לְשַׁדַּי כִּי תִצְדָּק וְאִם־בֶּצַע כִּי־
4 תַתֵּם דְּרָכֶיךָ: הֲמִיִּרְאָתְךָ יֹכִיחֶךָ יָבוֹא עִמְּךָ בַּמִּשְׁפָּט:
ה 6 הֲלֹא רָעָתְךָ רַבָּה וְאֵין־קֵץ לַעֲוֹנֹתֶיךָ: כִּי־תַחְבֹּל אַחֶיךָ
7 חִנָּם וּבִגְדֵי עֲרוּמִּים תַּפְשִׁיט: לֹא־מַיִם עָיֵף תַּשְׁקֶה וּמֵרָעֵב
8 תִּמְנַע־לָחֶם: וְאִישׁ זְרוֹעַ לוֹ הָאָרֶץ וּנְשׂוּא פָנִים יֵשֶׁב בָּהּ:
9 י אַלְמָנוֹת שִׁלַּחְתָּ רֵיקָם וּזְרֹעוֹת יְתֹמִים יְדֻכָּא: עַל־כֵּן
11 סְבִיבוֹתֶיךָ פַחִים וִיבַהֶלְךָ פַּחַד פִּתְאֹם: אוֹ־חֹשֶׁךְ לֹא־
12 תִרְאֶה וְשִׁפְעַת־מַיִם תְּכַסֶּךָּ: הֲלֹא־אֱלוֹהַּ גֹּבַהּ שָׁמָיִם
13 וּרְאֵה רֹאשׁ כּוֹכָבִים כִּי־רָמּוּ: וְאָמַרְתָּ מַה־יָּדַע אֵל הַבְעַד
14 עֲרָפֶל יִשְׁפּוֹט: עָבִים סֵתֶר־לוֹ וְלֹא יִרְאֶה וְחוּג שָׁמַיִם
סו יִתְהַלָּךְ: הַאֹרַח עוֹלָם תִּשְׁמוֹר אֲשֶׁר דָּרְכוּ מְתֵי־אָוֶן:
16 17 אֲשֶׁר־קֻמְּטוּ וְלֹא־עֵת נָהָר יוּצַק יְסוֹדָם: הָאֹמְרִים לָאֵל
18 סוּר מִמֶּנּוּ וּמַה־יִּפְעַל שַׁדַּי לָמוֹ: וְהוּא מִלֵּא בָתֵּיהֶם
19 טוֹב וַעֲצַת רְשָׁעִים רָחֲקָה מֶנִּי: יִרְאוּ צַדִּיקִים וְיִשְׂמָחוּ

אויך וויסען: 20 זיינע אויגען וועלען זעהען זיין בראָך אונד ער וועט טרינקען פון דעם גרימצאָרן פון דעם אַלמעכטיגען: 21 וואָרין וואָס איז זיינע לוסט אין זיין הויז נאָך איהם, ווען די צאָל פון זיינע חדשים זענען אָפגעשניטען (אין דער מיטען)? 22 זאָל איינער גאָט לערנען וויסענשאַפט? וואָרין ער טהוט אויך די הויכע משפט'ן: 23 דער דאָזיגער שטאַרבט אין זיינע גאַנצע שטאַרקהייט, גאַנץ אָהן א זאָרג אונד בשלום: 24 זיינע מילך־פעסער זענען פול מיט מילך, אונד דער מאַרך פון זיינע ביינער איז פעט: 25 אונד איין אַנדערער שטאַרבט מיט אַ ביטער נפש, אונד ער האָט קיינמאָל קיין גוטעס געגעסען: 26 אָבער זייא ליגען צוזאַמען אין דעם שטויב אונד די ווערם וועלען זייא בעדעקען: 27 זעהט, איך ווייס אייערע געדאַנקען, אונד די בייזע מחשבות מיט וואָס איהר ווילט מיך אונטערדריקען: 28 וואָרין איהר זאָגט, וואו איז דאָס הויז פון דעם נדיב (פירשט), אונד וואו איז דאָס געצעלט אונד וואוינונג פון די רשעים: 29 האָט איהר ניט נאָכגעפרעגט פון די וואָס געהן איבער דעם וועג? אונד דערקענט איהר ניט זייערע צייכען? 30 אַז דער שלעכטער מענש איז אָנגעבריט פאַר דעם טאָג פון דעם בראָך? אונד זייא ווערען געבראַכט צו דעם טאָג פון דעם גרימצאָרן: 31 ווער זאָל איהם אָנזאָגען זיין וועג פאָר זיין פּנים? אונד ווער זאָל איהם בעצאָלען פאַר דעם וואָס ער האָט געטהון? 32 אָבער ער וועט געבראַכט ווערען צו דעם קבר, אונד ביי א שייער וועט ער וואַכען: 33 די שטיקער ערד וועלען צו איהם זיס זיין, אונד איטליכער מענש וועט זיך נאָך איהם ציהען, אונד צו די וואָס זענען געוועזען פאָר איהם איז ניט דאָ קיינע צאָל: 34 אָבער וויא אַזוי טהוט איהר מיך טרעסטען מיט נאַרישקייט, אונד אין אייערע ענטפער איז פאַלשקייט:

## קאפיטעל כב

1 אונד אֱלִיפַז הַתֵּימָנִי האָט געענטפערט אונד געזאָגט: 2 קען דען אַ מענש ניצליך זיין צו גאָט אַזוי וויא איינער וואָס איז קלוג איז צו זיך אַליין ניצליך? 3 האָט דען דער אַלמעכטיגער אַ לוסט אַז דו ביזט גערעכט? אָדער האָט ער אַ געווין ווען דו מאַכסט דיינע וועג גאַנץ פאָלקומען? 4 וועט ער דען מיט דיר אַ וכוח האָבען ווייל ער האָט מורא פאַר דיר? זאָל ער מיט דיר קומען אין דעם משפט? 5 איז דען ניט דיינע שלעכטיגקייט גרויס? אונד עס איז ניט דאָ קיין סוף צו דיינע זינד: 6 וואָרין דו האָסט גענומען אַ משכון פון דיין ברודער בחנם, אונד דו האָסט אָפּגעצויגען די קליידער פון די נאַקעטע: 7 דעם מידען האָסט דו ניט אָנגעטרונקען מיט וואַסער, אונד פון דעם הונגעריגען האָסט דו פערמיטען דאָס ברויט: 8 אָבער צו אַ שטאַרקען מענש געהערט דאָס לאַנד, אונד איין אָנגעזעהענער מענש וואוינט דאַרין: 9 די אַלמנות האָסט דו לעדיג אַוועקגעשיקט, אונד די אָרעם פון די יתומים האָסט דו צושטויסען: 10 דאַריבער האָבען דיך נעצען אַרומגערינגעלט, אונד אַ פּלוצלונגע פּאַרכט דערשרעקט דיך: 11 אָדער די פינסטערניס וואָס דו קענסט ניט זעהען, אונד די פערפלייצונג פון וואַסער וואָס בעדעקען דיך: 12 איז דען ניט גאָט אין די הויכע הימעל? אונד זעה דאָך די שפּיצען פון די שטערן וויא הויך זייא זענען: 13 אונד דו זאָגסט, וואָס ווייסט גאָט? קען ער דען דורך דעם נעפּעל משפט'ן? 14 די דיקע וואָלקען בעהאַלטען איהם, אונד ער קען ניט זעהען, אונד ער געהט אַרום אין דעם צירקעל פון הימעל: 15 האָסט דו דען בעטראַכטעט דעם עביגען (אַלטען) וועג, וועלכען די אומגערעכטע מענשען האָבען בעטרעטען? 16 וואָס זענען פערשניטען געוואָרען פאָר זייערע צייט, אונד אַ טייך איז אויסגעגאָסען געוואָרען איבער זייער פונדאַמענט? 17 וואָס האָבען געזאָגט צו גאָט, קעהר אָפּ פון אונס, אָבער וואָס קען דער אַלמעכטיגער צו זייא טהון? 18 אונד דאָך פילט ער אָן זייערע הייזער מיט גוטעס, אָבער די עצה פון די רשעים איז דערווייטערט פון מיר: 19 די צדיקים וועלען עס זעהען אונד זייא וועלען זיך פרייען, אונד די אומשולדיגע וועלען איבער זייא שפּאָטען:

וְנָקִי יִלְעַג־לָמוֹ׃ אִם־לֹא נִכְחַד קִימָנוּ וְיִתְרָם אָכְלָה אֵשׁ׃ כ
הַסְכֶּן־נָא עִמּוֹ וּשְׁלָם בָּהֶם תְּבוֹאַתְךָ טוֹבָה׃ קַח־נָא מִפִּיו 21 22
תּוֹרָה וְשִׂים אֲמָרָיו בִּלְבָבֶךָ׃ אִם־תָּשׁוּב עַד־שַׁדַּי תִּבָּנֶה 23
תַּרְחִיק עַוְלָה מֵאָהֳלֶךָ׃ וְשִׁית־עַל־עָפָר בָּצֶר וּבְצוּר נְחָלִים 24
אוֹפִיר׃ וְהָיָה שַׁדַּי בְּצָרֶיךָ וְכֶסֶף תּוֹעָפוֹת לָךְ׃ כִּי־אָז כה 26
עַל־שַׁדַּי תִּתְעַנָּג וְתִשָּׂא אֶל־אֱלוֹהַּ פָּנֶיךָ׃ תַּעְתִּיר אֵלָיו 27
וְיִשְׁמָעֶךָּ וּנְדָרֶיךָ תְשַׁלֵּם׃ וְתִגְזַר־אֹמֶר וְיָקָם לָךְ וְעַל־ 28
דְּרָכֶיךָ נָגַהּ אוֹר׃ כִּי־הִשְׁפִּילוּ וַתֹּאמֶר גֵּוָה וְשַׁח עֵינַיִם 29
יוֹשִׁעַ׃ יְמַלֵּט אִי־נָקִי וְנִמְלַט בְּבֹר כַּפֶּיךָ׃ ל

## כג

וַיַּעַן אִיּוֹב וַיֹּאמַר׃ גַּם־הַיּוֹם מְרִי שִׂחִי יָדִי כָּבְדָה עַל־ א 2
אַנְחָתִי׃ מִי־יִתֵּן יָדַעְתִּי וְאֶמְצָאֵהוּ אָבוֹא עַד־תְּכוּנָתוֹ׃ 3
אֶעֶרְכָה לְפָנָיו מִשְׁפָּט וּפִי אֲמַלֵּא תוֹכָחוֹת׃ אֵדְעָה מִלִּים 4 ה
יַעֲנֵנִי וְאָבִינָה מַה־יֹּאמַר לִי׃ הַבְּרָב־כֹּחַ יָרִיב עִמָּדִי לֹא 6
אַךְ־הוּא יָשִׂם בִּי׃ שָׁם יָשָׁר נוֹכָח עִמּוֹ וַאֲפַלְּטָה לָנֶצַח 7
מִשֹּׁפְטִי׃ הֵן קֶדֶם אֶהֱלֹךְ וְאֵינֶנּוּ וְאָחוֹר וְלֹא־אָבִין לוֹ׃ 8
שְׂמֹאול בַּעֲשֹׂתוֹ וְלֹא־אָחַז יַעְטֹף יָמִין וְלֹא אֶרְאֶה׃ כִּי־יָדַע 9 י
דֶּרֶךְ עִמָּדִי בְּחָנַנִי כַּזָּהָב אֵצֵא׃ בַּאֲשֻׁרוֹ אָחֲזָה רַגְלִי דַּרְכּוֹ 11
שָׁמַרְתִּי וְלֹא־אָט׃ מִצְוַת שְׂפָתָיו וְלֹא אָמִישׁ מֵחֻקִּי צָפַנְתִּי 12
אִמְרֵי־פִיו׃ וְהוּא בְאֶחָד וּמִי יְשִׁיבֶנּוּ וְנַפְשׁוֹ אִוְּתָה וַיָּעַשׂ׃ 13
כִּי יַשְׁלִים חֻקִּי וְכָהֵנָּה רַבּוֹת עִמּוֹ׃ עַל־כֵּן מִפָּנָיו אֶבָּהֵל 14 טו
אֶתְבּוֹנֵן וְאֶפְחַד מִמֶּנּוּ׃ וְאֵל הֵרַךְ לִבִּי וְשַׁדַּי הִבְהִילָנִי׃ 16
כִּי־לֹא נִצְמַתִּי מִפְּנֵי־חֹשֶׁךְ וּמִפָּנַי כִּסָּה־אֹפֶל׃ 17

## כד

מַדּוּעַ מִשַּׁדַּי לֹא־נִצְפְּנוּ עִתִּים וְיֹדְעָו לֹא־חָזוּ יָמָיו׃ גְּבֻלוֹת א 2
יַשִּׂיגוּ עֵדֶר גָּזְלוּ וַיִּרְעוּ׃ חֲמוֹר יְתוֹמִים יִנְהָגוּ יַחְבְּלוּ שׁוֹר 3
אַלְמָנָה׃ יַטּוּ אֶבְיֹנִים מִדָּרֶךְ יַחַד חֻבְּאוּ עֲנִיֵּי־אָרֶץ׃ הֵן 4 ה

20 איז ניט אונזער פיינד (אָדער אונזער פערמעגען) פערשניטען? האט ניט זייער איבערגעבליבענעס דאס פייער פערברענט? 21 מאך דיך דאך בעקאנט מיט איהם אונד האב שלום, אזוי וועט דורך דעם גוטעס צו דיר קומען: 22 איך בעט דיך נעם אן דיא תורה פון זיין מויל, אונד נעם אויף זיינע ווערטער אין דיין הארץ: 23 וואָרין ווען דוא וועסט דיך צוריקקעהרען צו דעם אלמעכטיגען אזוי וועסט דוא ווידער אויפגעבויעט ווערען, דוא זאלסט דערווייטערן דיא אומגערעכטיגקייט פון דיינע געצעלטען: 24 אונד אזוי וועסט דוא אנלעגען גאלד אזוי וויא שטויב, אונד וויא דיא פעלזענשטיינער פון דיא טייכען גאלד פון אופיר: 25 אונד דער אלמעכטיגער וועט זיין דיינע בעשיצונג, אונד דוא וועסט האבען א שטארקע מאסע זילבער: 26 וואָרין דענסמאל וועסט דוא דיך פרייען מיט דעם אלמעכטיגען, אונד דוא וועסט אויפהעבען דיין פנים צו גאט: 27 דוא וועסט צו איהם בעטען, אונד ער וועט דיך דערהערען, אונד דוא וועסט בעצאלען דיינע נדרים: 28 אונד ווען דוא וועסט עפעס גוזר זיין (בעשטימען), אזוי וועט עס דיר מקוים ווערען, אונד אויף דיינע וועגען וועט שיינען א ליכט: 29 ווען זייא (דיא מענשען) האבען זיך דערנידעריגט אזוי וועסט דוא זאגען, אז זייא וועלען דערהויבען ווערען, אונד ער וועט העלפען דיא וואס האבען נידערגעבעגטע אויגען: 30 ער וועט אפילו מציל זיין דיא וואס זענען אומשולדיג, אונד ער וועט אנטרינען דורך דיא ריינהייט פון דיינע הענד:

### קאפיטעל כג

1 אונד איוב האט געענטפערט אונד האט געזאגט: 2 אפילו היינט איז מיינע קלאג ביטער, מיינע האנד (אדער שלאג) איז שווער וועגען מיין זיפצען: 3 אז איך זאל וויסען אוואו איך קען איהם געפינען! אז איך זאל קענען אנקומען ביז צו זיין טרון־שטוהל: 4 איך העט דען געוואלט מיין משפט פאר איהם פארלעגען, אונד מיין מויל אנפילען מיט תוכחות: 5 איך וואלט וויסען דיא ווערטער וואס ער וועט מיר ענטפערן, אונד העט פערשטאנען וואס ער וואלט צו מיר זאגען: 6 וועט ער זיך דען מיט מיר קריגען מיט זיין גרויסען כח? ניין! נייערט ער וועט אין מיר (כח) געבען: 7 דארט וועט דער אויפריכטיגער זיך מיט איהם רעכטען, אונד איך וועל אויף עביג אנטרינען פון מיין שופט: 8 זעה, איך געה פארווערטס, אבער ער איז ניט דא; אונד הינטער מיר, אבער איך פערשטעה איהם ניט: 9 אן דער לינקער זייט, וואו ער האט עס געטהון, אבער איך זעה איהם ניט, ער בעהאלט זיך אויף דער רעכטע זייט אונד איך קען איהם ניט דערזעהען: 10 אבער ער ווייסט דעם וועג וואס איז מיט מיר, אונד ווען ער האט מיך געפריפט אזוי וועל איך ארויסקומען וויא גאלד! 11 מיינע פיס דאבען אנגעהאלטען זיינע שריט, איך האב געהיט זיינע וועג, אונד איך האב מיך ניט אפגענייגט: 12 אונד איך האב מיך ניט אפגעטהון פון דיא מצות פון זיינע ליפען, איך האב בעהאלטען (אדער בעטראכט) דיא ווערטער פון זיין מויל מעהר וויא מיין נעטיגעס (עסען): 13 אבער ער איז פון איין (זין) אונד ווער קען איהם אומקעהרען? וואָרין וואס עס גלוסט איהם דאס טהוט ער: 14 וואָרין ער טהוט פערלענדען דאס וואס ער האט פאר מיר בעשטימט, אונד פיל זאלכעס איז בייא איהם: 15 איבער דעם דערשרעק איך מיך פאר איהם, ווען איך טהוא דאס בעטראכטען אזוי פארכט איך מיך פאר איהם: 16 אבער גאט מאכט מיין הארץ וויך, אונד דער אלמעכטיגער האט מיך דערשראקען: 17 ווייל איך בין ניט פערשניטען געווארען וועגען דער פינסטערניס, אונד ער האט אויך ניט פון מיין פנים דיא טונקעלע פינסטערניס צוגעדעקט:

### קאפיטעל כד

1 פארוואס זענען דיא צייטען ניט פון דעם אלמעכטיגען בעהאלטען? זאלען דיא וואס קענען איהם ניט זעהען זיינע טעג? 2 מאנכע ריקען אוועק דיא גרענעצען, זייא גזל'ן אוועק סטאדעס, אונד זייא טהון זייא ווייצען: 3 דעם עזעל פון דיא יתומים פיהרען זייא אוועק, דעם אקס

פראים | במדבר יצאו בפעלם משחרי לטרף ערבה לו
6 לחם לנערים: בשדה בלילו יקצירו וכרם רשע ילקשו:
7 8 ערום ילינו מבלי לבוש ואין כסות בקרה: מזרם הרים
9 ירטבו ומבלי מחסה חבקו־צור: יגזלו משד יתום ועל־
י עני יחבלו: ערום הלכו בלי לבוש ורעבים נשאו עמר:
11 12 בין־שורתם יצהירו יקבים דרכו ויצמאו: מעיר מתים |
13 ינאקו ונפש־חללים תשוע ואלוה לא־ישים תפלה: המה |
היו במרדי־אור לא־הכירו דרכיו ולא ישבו בנתיבתיו:
14 לאור | יקום רוצח יקטל־עני ואביון ובלילה יהי כגנב:
טו ועין נאף | שמרה נשף לאמר לא־תשורני עין וסתר פנים
16 ישים: חתר בחשך בתים יומם חתמו־למו לא־ידעו
17 אור: כי יחדו | בקר למו צלמות כי־יכיר בלהות צלמות:
18 קל־הוא | על־פני־מים תקלל חלקתם בארץ לא־יפנה
19 דרך כרמים: ציה גם־חם יגזלו מימי־שלג שאול חטאו:
כ ישכחהו רחם | מתקו רמה עוד לא־יזכר ותשבר כעץ
21 22 עולה: רעה עקרה לא תלד ואלמנה לא ייטיב: ומשך
23 אבירים בכחו יקום ולא־יאמין בחיין: יתן־לו לבטח
24 וישען ועיניהו על־דרכיהם: רמו מעט | ואיננו והמכו
כה ככל יקפצון וכראש שבלת ימלו: ואם־לא אפו מי
יכזיבני וישם לאל מלתי:

## כה כה

2 א ויען בלדד השחי ויאמר: המשל ופחד עמו עשה שלום
3 במרומיו: היש מספר לגדודיו ועל־מי לא־יקום אורהו:
4 ה ומה־יצדק אנוש עם־אל ומה־יזכה ילוד אשה: הן עד־
6 ירח ולא יאהיל וכוכבים לא־זכו בעיניו: אף כי־אנוש
רמה ובן־אדם תולעה:

פון דער אלמנה נעמען זיי פאר א משכון: 4 זיי נייגען אפ דעם בעדארפטיגען פון דעם וועג, אונד די ארעמע פון דעם לאנד בעהאלטען זיך צוזאמען: 5 זעה, אזוי ווי די ווילדע מויל־עזעל אין דער מדבר, אזוי געהען זיי ארויס צו זייערע ארבייט, אין דער פריה זוכען זיי צו פערצוקען, די מדבר געבט צו זיי ברויט אונד פאר זייערע יונגע קינדער: 6 זיי טהון איטליכער אפשניידען זיינע תבואה אויף דעם פעלד, אונד אין פרעמדע וויינגערטען טהון די רשעים פירות קלויבען: 7 דעם נאקעטען לאזען זיי איבערנעכטיגען אהן א מלבוש, אונד זיי האבען ניט מיט וואס זיך צו צודעקען אין די קעלט: 8 זיי זענען דורכגענעצט פון דעם שטורם־רעגען פון די בערג, אונד וויל זיי האבען קיינע בעשיצונג דארום האלזען זיי דעם פעלזענשטיין: 9 זיי רויבען אפילו דעם יתום פון די ברוסט, אונד זיי נעמען א משכון פון דעם ארעמען מאן: 10 זיי לאזען איהם ארומגעהן אהן קליידער, אונד זיי נעמען נאך אוועק פון דעם הונגעריגען זייערע געטריידע גארבען: 11 צווישען איהרע מויערן מאכען זיי זייער עהל, אונד זיי טרעטען אוים אין די וויין־קעלטערס, אונד זיי לאזען (די ארעמע) דורשטיג זיין: 12 די מענשען פון דער שטאדט שרייען, אונד דאס נפש פון די פערוואונדעטע שרייען אוים, אונד דאך טהוט גאט ניט בעטראכטען זייערע לעסטערונג: 13 זיי זענען די וואס האבען מורד געוועזען קעגען דעם ליכט, זיי האבען ניט געוואלט דערקענען זיינע וועג, אונד זיי זענען אויך ניט געבליבען אין זיינע שטעג: 14 מיט דעם ליכט שטעהט דער רוצח אויף אונד ער דערשלאגט דעם ארעמען אונד בעדארפטיגען, אונד ביי נאכט איז ער אזוי ווי א גנב: 15 אונד דאס אויג פון דעם נואף לויערט אויף פארנאכט, אונד זאגט, קיין אויג וועט מיך ניט זעהען, אונד אין דעם פערבארגענעם טהוט ער זיין פנים: 16 אין דער פינסטערניס גרובט ער אונטער הייזער, וואס זיי האבען זיך פערצייכענט ביי טאג, זיי (ווילען ניט) קענען דאס ליכט: 17 ווארין דער פריה־מארגען איז פאר זיי גראד אזוי ווי דער שאטען פון דעם טויט, ווען מען דערקענט זיי, אזוי זענען זיי אין דער שרעק ווי דער שאטען פון דעם טויט: 18 ער איז אזוי לייכט ווי אויף דעם וואסער, אבער זייער חלק איז פערשאלטען אויף דער ערד, ער קעהרט זיך ניט אויף דעם וועג פון די וויינגערטען: 19 דארקייט אונד היץ גזל'ן אוועק דאס שניי־וואסער אזוי טהוט דער שאול די וואס האבען געזינדיגט: 20 דער מוטערלייב זאל איהם פערגעסען, אונד די ווערם האבען אן איהם זיסקייט, ער וועט ניט מעהר געדענקט ווערען, אונד די אומגערעכטיגקייט וועט צוברעכען ווערען אזוי ווי א בוים: 21 די עקרה וואס האט ניט געוואונען האט ער שלעכט בעהאנדעלט, אונד די אלמנה האט ער אויך קיין גוטעס געטהון: 22 אונד די שטארקע האט ער מיט זיין כח געצויגען, ווען ער שטעהט אויף איז קיינער ניט זיכער מיט זיין לעבען: 23 חאטשע זיכערהייט ווערט איהם געגעבען, אונד ער האט זיך אנגעלעהנט, דאך זענען זיינע (גאט'ס) אויגען אויף זייערע וועגען: 24 זיי זענען דערהויבען געווארען פאר א קליינע צייט, אבער זיי זענען ניט מעהר דא, אונד זיי ווערען אנידערגעשטויסען, זיי ווערען איינגעזאמעלט אזוי ווי אלע אנדערע זאכען (דהיינו תבואות), אונד זיי ווערען פערשניטען אזוי ווי די שפיצען פון זאנגען: 25 אונד ווען עס איז ניט אזוי, ווער מאכט מיך צום ליגנער, אונד מאכט מיינע ווערטער אזוי ווי גארניט?

## קאפיטעל כה

1 אונד בלדד השחי האט געענטפערט אונד געזאגט: 2 די געוועלטיגקייט אונד פארכט זענען מיט איהם, ער מאכט שלום אין זיינע הייך! 3 איז דען פערהאנדען א צאל צו זיינע חיילות? אונד איבער וועמען געהט ניט אויף זיין ליכט? 4 אונד ווי קען דען א מענש גערעכט זיין מיט גאט? אונד ווי קען איינער וואס איז געבוירען פון א פרויא ריין זיין? 5 זעה ניט אמאל די לבנה, אונד עס שיינט דאך ניט, אונד אפילו די שטערען זענען ניט ריין אין זיינע אויגען:

6 מִכָּל־שֶׁכֵּן דֶער מֶענְשׁ, וָואס אִיז וֶועְרְם—
אוּנְד דֶער מֶענְשֶׁען־זוּהְן וָואס אִיז אַ וָוארְם?

קאפיטעל כו

1 אוּנְד אִיּוֹב הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט, אוּנְד
גֶעזָאגְט: 2 וָואס הָאסְט דוּא דֶעם גֶעהָאלְ־
פֶען וָואס הָאט קֵיינֶע קְרַאפְט? וָואס הָאסְט
דוּא דֶעם אָרֶעם גֶעהָאלְפֶען וָואס הָאט קֵיינֶע
שְׁטַארְקְהַייט? 3 וָואס פַאר אֵיין עֵצָה הָאסְט
דוּא גֶעגֶעבֶען צוּא דֶעם וָואס אִיז נִיט קְלוּג?
אוּנְד וִויא הָאסְט דוּא אַזוֹי פִיל בֶּעקַאנְט
גֶעמַאכְט גְרָאד אַזוֹי וִויא דוּא הָאסְט גֶע־
וְואוּסְט? 4 צוּא וֶועמֶען הָאסְט דוּא אָנְגֶעזָאגְט
וֶוערְטֶער? אוּנְד וֶועמֶענְ׳ס נְשָׁמָה אִיז פוּן
דִיר אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען? 5 דִיא רְפָאִים זֶענֶען
בֶּעשַׁאפֶען גֶעוָוארֶען אוּנְטֶער דִיא וַואסֶער,
אוּנְד אוֹיךְ זֵיירֶע בֶּעוְואוֹינֶערְם: 6 דֶער
שְׁאוֹל אִיז אַפִילוּ נַאקֶעט פָאר אִיהְם, אוּנְד
דֶער אֲבַדוֹן הָאט קֵיינֶע צוּדֶעק: 7 עֶר
שְׁפְּרֵייט אוֹיס דִיא צָפוֹן־זַייט אִיבֶּער דֶעם
לֶעדִיגֶען אָרְט אוּנְד הֶענְגְט דִיא עֶרְד אוֹיף
גָארְנִיט: 8 עֶר בִּינְד דִיא וַואסֶער אִין זֵיינֶע
דִיקֶע וָואלְקֶען, אוּנְד דֶער וָואלְקֶען וֶוערְט
נִיט אוּנְטֶער זֵייא גֶעשְׁפָּאלְטֶען: 9 עֶר הַאלְט
צוּרִיק דָאס פָּנִים (אָדֶער פָארְדֶערֶע זֵייטֶע)
פוּן דֶעם טְרוֹין־שְׁטוּל, אוּנְד עֶר שְׁפְּרֵייט דַארִיבֶּער אוֹיס זַיין וָואלְקֶען: 10 עֶר הָאט
בֶּעשְׁטִימְט אַ צִירְקֶעל אִיבֶּער דִיא וַואסֶער, בִּיז דָאס לִיכְט אוּנְד דִיא פִינְסְטֶערְנִיס קוּמֶען צוּ
אֵיין עֶנְד: 11 דִיא זֵיילֶען פוּן דֶעם הִימֶעל זֶענֶען שְׁלַאף גֶעוָוארֶען, אוּנְד זֵייא הָאבֶען זִיךְ
פֶערְוְואוּנְדֶערְט וֶועגֶען זַיין אָנְשְׁרֵייעֶן: 12 דוּרְךְ זַיין כֹּחַ הָאט עֶר גֶעשְׁטִילְט (אָדֶער בֶּעוֶועגְט)
דָאס יַם, אוּנְד דוּרְךְ זַיין פֶערְשְׁטַאנְד הָאט עֶר צוּשְׁפָּאלְטֶען רָהַב: 13 דוּרְךְ זַיין רוּחַ הַקוֹדֶשׁ
הָאט עֶר דִיא הִימֶעל אוֹיסְגֶעצִירְט, זֵיינֶע הַאנְד הָאט אוֹיךְ גֶעשַׁאפֶען דִיא קְרוּמֶע שְׁלַאנְג:
14 זֶעה, דִיא דָאזִיגֶע זֶענֶען נָאר אַ טֵייל פוּן זֵיינֶע וֶועג, אָבֶּער וִויא אַ קְלֵיינֶע זַאךְ הֶערֶען מִיר
פוּן אִיהְם? אָבֶּער וֶוער קֶען פֶערְשְׁטֶעהְן דֶעם שְׁטוּרְם פוּן זֵיינֶע מַאכְט?

קאפיטעל כז

1 אוּנְד אִיּוֹב הָאט נָאכְאַמָאל אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען זַיין מָשָׁל, אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט: 2 אַזוֹי וָואהְר
וִויא גָאט לֶעבְּט וָואס הָאט אָפְּגֶעטְהוּן מֵיין מִשְׁפָּט, אוּנְד דֶער אַלְמֶעכְטִיגֶער וָואס הָאט
דֶערְבִּיטֶערְט מֵיין נֶפֶשׁ: 3 וָוארִין אַזוֹי לַאנְג וִויא מֵיינֶע נְשָׁמָה אִיז נָאךְ אִין מִיר, אוּנְד דֶער
גֵייסְט פוּן גָאט (דֶער אָטֶעם) אִיז אִין מֵיינֶע נָאזְלֶעכֶער: 4 אוֹיבּ אִיךְ וֶועל מִיט מֵיינֶע לִיפֶּען
עֶפֶּעס אוּמְרֶעכְט אוֹיסְרֶעדֶען, אָדֶער אוֹיבּ מֵיינֶע צוּנְג וֶועט טְרַאכְטֶען פַאלְשֶׁעס: 5 חָלִילָה,
עֶס זָאל פֶערְמִיטֶען זַיין פוּן מִיר אוֹיבּ אִיךְ וֶועל אַייךְ גֶערֶעכְט מַאכֶען, בִּיז אִיךְ וֶועל שְׁטַארְבֶּען
וֶועל אִיךְ נִיט מֵיינֶע גַאנְצְהֵייט פוּן מִיר אָפְּטְהוּן: 6 אִיךְ הַאלְט פֶעסְט אַן מֵיינֶע גֶערֶעכְטִיגְקֵייט,
אוּנְד אִיךְ וֶועל עֶס נִיט אָפְּלָאזֶען, מֵיין הַארְץ וֶועט מִיךְ נִיט שֶׁענְדֶען אַזוֹי לַאנְג וִויא אִיךְ לֶעבּ:
7 לָאז מֵיין פֵיינְד זַיין אַזוֹי וִויא אַ רָשָׁע, אוּנְד דֶער וָואס שְׁטֶעהְט קֶעגֶען מִיר אוֹיף, אַזוֹי וִויא דֶער
אוּמְגֶערֶעכְטֶער: 8 וָוארִין וָואס פַאר אַ הָאפְנוּנְג הָאט דֶער הֵייכְלֶער (חָנֵף)? חָאטְשֶׁע עֶר אִיז
גֵייצִיג, וֶוען גָאט נֶעמְט אַוֶועק זֵיינֶע נְשָׁמָה? 9 וֶועט דֶען גָאט הֶערֶען זַיין גֶעשְׁרֵייא וֶוען אַ צָרָה
קוּמְט אִיבֶּער אִיהְם? 10 אָדֶער קֶען עֶר זִיךְ דֶען פְרֵייעֶן מִיט דֶעם אַלְמֶעכְטִיגֶען? וֶועט עֶר דֶען
גָאט אַלֶע צֵייט אָנְרוּפֶען? 11 אִיךְ וֶועל אַייךְ בֶּעלֶעהְרֶען דוּרְךְ גָאטְ׳ס הַאנְד, אִיךְ וֶועל נִיט
פֶערְמֵיידֶען דָאס וָואס אִיז מִיט דֶעם אַלְמֶעכְטִיגֶען: 12 זֶעהְט, אִיהְר אַלֶע הָאט עֶס דָאךְ אַלֵיין
גֶעזֶעהֶען, אוּנְד וָוארוּם זֶענְט אִיהְר נָאךְ אַזוֹי נַארִישׁ? 13 דָאס אִיז דָאס חֵלֶק וָואס דֶער רָשָׁע
הָאט מִיט גָאט, אוּנְד דָאס אִיז דִיא נַחֲלָה וָואס דִיא רוֹיבֶּערְם בֶּעקוּמֶען פוּן דֶעם אַלְמֶעכְטִיגֶען:
14 וֶוען זֵיינֶע קִינְדֶער פֶערְמֶעהְרֶען זִיךְ, אַזוֹי אִיז עֶס פַאר דֶעם שְׁוֶוערְד, אוּנְד זֵיינֶע קִינְדֶערְ׳ס
קִינְדֶער וֶועלֶען זִיךְ נִיט זֶעטִיגֶען מִיט בְּרוֹיט: 15 דִיא וָואס בְּלֵייבֶּען אִיבֶּער פוּן אִיהְם וֶועלֶען
דוּרְךְ דֶעם טוֹיט בֶּעגְרָאבֶּען וֶוערֶען, אוּנְד זֵיינֶע אַלְמָנוֹת וֶועלֶען נִיט אַמָאל וֵויינֶען: 16 חָאטְשֶׁע
עֶר הָאט אָנְגֶעזַאמֶעלְט זִילְבֶּער אַזוֹי וִויא שְׁטוֹיבּ, אוּנְד אָנְגֶעבְּרֵייט קְלֵיידֶער אַזוֹי וִויא לֶעהְם!
17 עֶר מֶעג זֵייא אָנְבְּרֵייטֶען, אָבֶּער דֶער צַדִּיק וֶועט זִיךְ מִיט זֵייא אָנְקְלֵיידֶען, אוּנְד דִיא
אוּמְשׁוּלְדִיגֶע

כו

כו

א 2 וַיַּעַן אִיּוֹב וַיֹּאמַר׃ מֶה־עָזַרְתָּ לְלֹא־כֹחַ הוֹשַׁעְתָּ זְרוֹעַ לֹא־
3 4 עֹז׃ מַה־יָּעַצְתָּ לְלֹא חָכְמָה וְתֻשִׁיָּה לָרֹב הוֹדָעְתָּ׃ אֶת־
ה מִי הִגַּדְתָּ מִלִּין וְנִשְׁמַת־מִי יָצְאָה מִמֶּךָּ׃ הָרְפָאִים יְחוֹלָלוּ
6 מִתַּחַת מַיִם וְשֹׁכְנֵיהֶם׃ עָרוֹם שְׁאוֹל נֶגְדּוֹ וְאֵין כְּסוּת
7 לָאֲבַדּוֹן׃ נֹטֶה צָפוֹן עַל־תֹּהוּ תֹּלֶה אֶרֶץ עַל־בְּלִימָה׃
8 9 צֹרֵר־מַיִם בְּעָבָיו וְלֹא־נִבְקַע עָנָן תַּחְתָּם׃ מְאַחֵז פְּנֵי־כִסֵּה
י פַּרְשֵׁז עָלָיו עֲנָנוֹ׃ חֹק חָג עַל־פְּנֵי־מָיִם עַד־תַּכְלִית אוֹר
11 12 עִם־חֹשֶׁךְ׃ עַמּוּדֵי שָׁמַיִם יְרוֹפָפוּ וְיִתְמְהוּ מִגַּעֲרָתוֹ׃ בְּכֹחוֹ
13 רָגַע הַיָּם וּבִתְובֻנָתוֹ מָחַץ רָהַב׃ בְּרוּחוֹ שָׁמַיִם שִׁפְרָה
14 חֹלְלָה יָדוֹ נָחָשׁ בָּרִחַ׃ הֶן־אֵלֶּה ׀ קְצוֹת דְּרָכָו וּמַה־שֵּׁמֶץ
דָּבָר נִשְׁמַע־בּוֹ וְרַעַם גְּבוּרֹתָו מִי יִתְבּוֹנָן׃

כז

כז

א 2 וַיֹּסֶף אִיּוֹב שְׂאֵת מְשָׁלוֹ וַיֹּאמַר׃ חַי־אֵל הֵסִיר מִשְׁפָּטִי
3 וְשַׁדַּי הֵמַר נַפְשִׁי׃ כִּי־כָל־עוֹד נִשְׁמָתִי בִי וְרוּחַ אֱלוֹהַּ
4 בְּאַפִּי׃ אִם־תְּדַבֵּרְנָה שְׂפָתַי עַוְלָה וּלְשׁוֹנִי אִם־יֶהְגֶּה רְמִיָּה׃
ה חָלִילָה לִּי אִם־אַצְדִּיק אֶתְכֶם עַד־אֶגְוָע לֹא־אָסִיר תֻּמָּתִי
6 מִמֶּנִּי׃ בְּצִדְקָתִי הֶחֱזַקְתִּי וְלֹא אַרְפֶּהָ לֹא־יֶחֱרַף לְבָבִי
7 8 מִיָּמָי׃ יְהִי כְרָשָׁע אֹיְבִי וּמִתְקוֹמְמִי כְעַוָּל׃ כִּי מַה־תִּקְוַת
9 חָנֵף כִּי יִבְצָע כִּי יֵשֶׁל אֱלוֹהַּ נַפְשׁוֹ׃ הֲצַעֲקָתוֹ יִשְׁמַע ׀ אֵל
י כִּי־תָבוֹא עָלָיו צָרָה׃ אִם־עַל־שַׁדַּי יִתְעַנָּג יִקְרָא אֱלוֹהַּ
11 בְּכָל־עֵת׃ אוֹרֶה אֶתְכֶם בְּיַד־אֵל אֲשֶׁר עִם־שַׁדַּי לֹא אֲכַחֵד׃
12 13 הֵן אַתֶּם כֻּלְּכֶם חֲזִיתֶם וְלָמָּה־זֶּה הֶבֶל תֶּהְבָּלוּ׃ זֶה ׀ חֵלֶק
14 אָדָם רָשָׁע ׀ עִם־אֵל וְנַחֲלַת עָרִיצִים מִשַּׁדַּי יִקָּחוּ׃ אִם־
טו יִרְבּוּ בָנָיו לְמוֹ־חָרֶב וְצֶאֱצָאָיו לֹא יִשְׂבְּעוּ־לָחֶם׃ שְׂרִידָיו
16 בַּמָּוֶת יִקָּבֵרוּ וְאַלְמְנֹתָיו לֹא תִבְכֶּינָה׃ אִם־יִצְבֹּר כֶּעָפָר
17 כָּסֶף וְכַחֹמֶר יָכִין מַלְבּוּשׁ׃ יָכִין וְצַדִּיק יִלְבָּשׁ וְכֶסֶף נָקִי

18 יַחֲלֹק׃ בָּנָה כָעָשׁ בֵּיתוֹ וּכְסֻכָּה עָשָׂה נֹצֵר׃ 19 עָשִׁיר יִשְׁכַּב
כ וְלֹא יֵאָסֵף עֵינָיו פָּקַח וְאֵינֶנּוּ׃ תַּשִּׂיגֵהוּ כַמַּיִם בַּלָּהוֹת
21 לַיְלָה גְּנָבַתּוּ סוּפָה׃ יִשָּׂאֵהוּ קָדִים וְיֵלַךְ וִישָׂעֲרֵהוּ מִמְּקֹמוֹ׃
22 וְיַשְׁלֵךְ עָלָיו וְלֹא יַחְמֹל מִיָּדוֹ בָּרוֹחַ יִבְרָח׃ 23 יִשְׂפֹּק עָלֵימוֹ
כַפֵּימוֹ וְיִשְׁרֹק עָלָיו מִמְּקֹמוֹ׃

## כח

כח

2 א כִּי יֵשׁ לַכֶּסֶף מוֹצָא וּמָקוֹם לַזָּהָב יָזֹקּוּ׃ בַּרְזֶל מֵעָפָר יֻקָּח
3 וְאֶבֶן יָצוּק נְחוּשָׁה׃ קֵץ ׀ שָׂם לַחֹשֶׁךְ וּלְכָל־תַּכְלִית הוּא
4 חוֹקֵר אֶבֶן אֹפֶל וְצַלְמָוֶת׃ פָּרַץ נַחַל ׀ מֵעִם־גָּר הַנִּשְׁכָּחִים
ה מִנִּי־רָגֶל דַּלּוּ מֵאֱנוֹשׁ נָעוּ׃ אֶרֶץ מִמֶּנָּה יֵצֵא־לָחֶם וְתַחְתֶּיהָ
6 נֶהְפַּךְ כְּמוֹ־אֵשׁ׃ מְקוֹם־סַפִּיר אֲבָנֶיהָ וְעַפְרֹת זָהָב לוֹ׃
7 נָתִיב לֹא־יְדָעוֹ עָיִט וְלֹא שְׁזָפַתּוּ עֵין אַיָּה׃ 8 לֹא־הִדְרִיכֻהוּ
9 בְנֵי־שָׁחַץ לֹא־עָדָה עָלָיו שָׁחַל׃ בַּחַלָּמִישׁ שָׁלַח יָדוֹ הָפַךְ
י מִשֹּׁרֶשׁ הָרִים׃ בַּצּוּרוֹת יְאֹרִים בִּקֵּעַ וְכָל־יְקָר רָאֲתָה
11 עֵינוֹ׃ מִבְּכִי נְהָרוֹת חִבֵּשׁ וְתַעֲלֻמָהּ יֹצִא אוֹר׃
12 וְהַחָכְמָה מֵאַיִן תִּמָּצֵא וְאֵי־זֶה מְקוֹם בִּינָה׃ 13 לֹא־יָדַע אֱנוֹשׁ
14 עֶרְכָּהּ וְלֹא תִמָּצֵא בְּאֶרֶץ הַחַיִּים׃ תְּהוֹם אָמַר לֹא בִי־
טו הִיא וְיָם אָמַר אֵין עִמָּדִי׃ לֹא־יֻתַּן סְגוֹר תַּחְתֶּיהָ וְלֹא
16 יִשָּׁקֵל כֶּסֶף מְחִירָהּ׃ לֹא־תְסֻלֶּה בְּכֶתֶם אוֹפִיר בְּשֹׁהַם
17 יָקָר וְסַפִּיר׃ לֹא־יַעַרְכֶנָּה זָהָב וּזְכוֹכִית וּתְמוּרָתָהּ כְּלִי־
18 פָז׃ רָאמוֹת וְגָבִישׁ לֹא יִזָּכֵר וּמֶשֶׁךְ חָכְמָה מִפְּנִינִים׃
19 לֹא־יַעַרְכֶנָּה פִּטְדַת־כּוּשׁ בְּכֶתֶם טָהוֹר לֹא תְסֻלֶּה׃
כ וְהַחָכְמָה מֵאַיִן תָּבוֹא וְאֵי־זֶה מְקוֹם בִּינָה׃ 21 וְנֶעֶלְמָה מֵעֵינֵי
22 כָל־חָי וּמֵעוֹף הַשָּׁמַיִם נִסְתָּרָה׃ אֲבַדּוֹן וָמָוֶת אָמְרוּ בְּאָזְנֵינוּ
23 שָׁמַעְנוּ שִׁמְעָהּ׃ אֱלֹהִים הֵבִין דַּרְכָּהּ וְהוּא יָדַע אֶת־
24 מְקוֹמָהּ׃ כִּי־הוּא לִקְצוֹת־הָאָרֶץ יַבִּיט תַּחַת כָּל־הַשָּׁמַיִם
כה יִרְאֶה׃ לַעֲשׂוֹת לָרוּחַ מִשְׁקָל וּמַיִם תִּכֵּן בְּמִדָּה׃ 26 בַּעֲשֹׂתוֹ
27 לַמָּטָר חֹק וְדֶרֶךְ לַחֲזִיז קֹלוֹת׃ אָז רָאָהּ וַיְסַפְּרָהּ הֱכִינָהּ

אוּמשוּלדיגע וועלען זיך צוטיילען דאס זילבער: 18 ער בויעט אויף זיין הויז אזוי וויא דיא מאט (א וואָרם), אוּנד אזוי וויא א סכה וואס א היטער מאכט זיך: 19 דער רייכער (רשע) לעגט זיך אנידער, אוּנד ער ווערט ניט איינגעזאמעלט, ווען ער מאכט אויף זיינע אויגען אזוי איז ער ניט מעהר דא: 20 דיא שרעקעניס דערגרייכט איהם אזוי וויא דאס וואסער, אוּנד דער שטורם־ווינד גנב'ת איהם אוועק ביי דער נאכט: 21 דער מזרח־ווינד טראגט איהם אוועק, אוּנד ער געהט אוועק, אוּנד ער ווערט פערטריבען פוּן זיין ארט: 22 וואָרין ער (גאָט) וואַרפט אויף איהם, אוּנד ער וועט איהם ניט פערשוינען, ער מאכט געווים אנטלויפען (פוּן זיינע האנד): 23 מען קלאפּט איבער איהם מיט דיא הענד, מען טהוּט איהם שמוּצירען פוּן זיין ארט:

### קאפיטעל כח

1 וואָרין עס איז פערהאנדען איין אויסגאנג פאר דעם זילבער, אוּנד איין ארט וואו מען לייטערט דאס גאלד: 2 אייזען ווערט ארויסגענוּמען פוּן דער ערד, אוּנד קוּפּער ווערט אויסגעשמאלצען פוּן שטיינער: 3 ער (גאָט) האט געמאכט איין ענד צוּ דער פינסטערנים, אוּנד ער פאָרשט אוּים איטליכע פוּלקוּמענהייט, דיא שטיינער פוּן פינסטערנים אוּנד שאָטען פוּן טויט: 4 א טייך ברעכט אוּים אפילוּ פוּן א בעוואוינטען ארט וואָס זענען פערגעסען געוואָרען פוּן דיא פוּס־געהערס, זייא זענען פעראָרעמט געוואָרען אוּנד פוּן מענשען פערוואָגעלט: 5 אוּנד דאס לאנד־שפּייז קוּמט דערפוּן ארוים, אוּנד הינטער זיך איז עס פערקעהרט אזוי וויא פייער: 6 איהרע שטיינער איז דער ארט פוּן דעם ספיר, אוּנד דער שטויב האט גאָלד: 7 עס איז א שטעג וואס דער רויב־פויגעל קען איהם ניט, אוּנד דאס אויג פוּן דער איה האט איהם אויך ניט געזעהען: 8 דיא יוּנגע לייבען האבען ניט דעם וועג בעטרעטען, אוּנד קיין אלטער לייב איז אויך ניט פאַראיבער געגאנגען: 9 ער שטרעקט אוּים זיינע האנד צוּ דעם שטארקען פעלז, ער קעהרט איבער דיא בערג פוּן דיא וואוּרצעל: 10 אין דיא פעלזען האט ער געשפּאלטען קוואלען, אוּנד זיין אויג זעהט איטליכע טייערע זאך: 11 ער בינדט דיא טייכען כדי זייא זאלען ניט איבערפליצען, אוּנד דיא בעהאלטענע זאכען ברענגט ער ארוים צוּם ליכט: 12 אבער פוּן וואנען זאל דיא חכמה געפוּנען ווערען? אוּנד וואו איז דער ארט פוּן פערשטענדיגקייט? 13 קיין מענש ווייסט ניט איהרע שאצוּנג, זיא קען אויך ניט געפוּנען ווערען אין דעם לאנד פוּן דיא לעבעדיגע: 14 דיא טיפעניס זאגט, זיא איז ניט אין מיר, אוּנד דאס ים זאגט, זיא איז ניט ביי מיר: 15 קיין פיינגאלד קען ניט דערפאר געגעבען ווערען, אוּנד קיין זילבער קען פאר איהר קויפּפּרייז אפּגעוואוֹגען ווערען: 16 זיא קען ניט געשעצט ווערען מיט דעם גאלד פוּן אופיר, אָדער מיט (דיא טייערע שטיינער) שהם אוּנד ספיר: 17 קיין גאלד אוּנד קריסטאל קען ניט צוּ איהר געגליכען ווערען, אוּנד זיא קען ניט פערטוישט ווערען פאר דיא פיינסטע גאלדענע כלי: 18 פוּן קרעלען אוּנד פערלען זאל קיין געדעכטעניס ניט זיין, וואָרין דער פרייז פוּן חכמה איז טייערער פוּן פערלען: 19 דער טאפּאז פוּן כוּש קען ניט דערמיט געשעצט (אָדער פערגליכען) ווערען, אוּנד זיא קען ניט אפּגעוואוֹגען ווערען מיט דעם ריינסטען גאלד: 20 אבער פוּן וואו קוּמט דיא חכמה? אוּנד וואו איז דער ארט פוּן פערשטענדיגקייט? 21 וואָרין זיא איז פערהוילען פוּן דיא אויגען פוּן אלע לעבעדיגע, אפילוּ פוּן דיא פעגעל פוּן הימעל איז זיא בעהאלטען: 22 דער אבדון (גיהנם) אוּנד דער טויט זאגען, מיר האבען געהערט מיט אוּנזערע אויערן דעם שם דערפוּן: 23 גאָט פערשטעהט איהר וועג, אוּנד ער ווייסט אויך איהר ארט: 24 וואָרין ער קען קוּקען ביז צוּ דעם ענד פוּן דער ערד, ער זעהט אלעס וואס איז אוּנטער דעם הימעל: 25 כדי צוּ מאכען צוּ דעם ווינד א געוויכט, אוּנד אפילוּ דאס וואסער האט ער אנגעברייט מיט א מאס:

26 װֶען עֶר הָאט גֶעמַאכְט צוּ דֶעם רֶעגֶען אַ
גֶעזֶעץ, אוּנְד אַ װֶעג פַאר דֶעם בְּלִיץ אוּנְד
גֶעװִיטֶער׃ 27 דֶענְסְמָאל הָאט עֶר עֶס גֶעזֶע־
הֶען אוּנְד עֶר הָאט עֶס דֶערְצֶעהְלְט, עֶר הָאט
עֶס אָנְגֶעבְּרֵייט, יוֹא, עֶר הָאט עֶס אוֹיךְ אוֹיסְ־
גֶעפָארְשְׁט׃ 28 אָבֶּער צוּ דֶעם מֶענְשׁ הָאט
עֶר גֶעזָאגְט, זֶעה דִיא פָארְכְט פַאר דֶעם הַאר
דָאס אִיז חָכְמָה, אוּנְד זִיךְ אַװֶעקְצוּקֶעהְרֶען
פוּן דֶעם שְׁלֶעכְטֶען דָאס אִיז פֶערְשְׁטֶענְדִיגְ־
קֵייט׃

קאפיטעל כט

1 אוּנְד אִיּוֹב הָאט נָאכְאַמָאל אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען
זֵיין מָשָׁל, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט׃ 2 אָ דָאס
אִיךְ װָאלְט גֶעװֶעזֶען אַזוֹי װִיא אִין דִיא פְרִי־
הֶערִיגֶע חֳדָשִׁים, אַזוֹי װִיא אִין דִיא טֶעג
װֶען גָאט הָאט מִיךְ גֶעהִיטֶען! 3 װֶען זֵיין
לִיכְט הָאט גֶעשֵׁיינְט אוֹיף מֵיין קָאפּ, אוּנְד
װֶען אִיךְ בִּין אִין זֵיין לִיכְט גֶעגַאנְגֶען אֲפִילוּ
אִין דֶער פִינְסְטֶערְנִיס׃ 4 אַזוֹי װִיא אִיךְ בִּין
גֶעװֶעזֶען אִין דִיא טֶעג פוּן מֵיינֶע יוּנְגֶע
קְרַאפְט, װֶען דֶער סוֹד פוּן גָאט אִיז גֶעװֶעזֶען
אִין מֵיין גֶעצֶעלְט׃ 5 װֶען דֶער אַלְמֶעכְטִי־
גֶער אִיז נָאךְ מִיט מִיר גֶעװֶעזֶען, װֶען מֵיינֶע
קִינְדֶער הָאבֶּען מִיךְ אַרוּמְגֶערִינְגֶעלְט׃
6 װֶען אִיךְ הָאבּ מֵיינֶע טְרִיט גֶעװַאשֶׁען מִיט
פוּטֶער, אוּנְד דֶער פֶעלְז הָאט מִיר אוֹיסְגֶעגָאסֶען טֵייכֶען מִיט עֶהְל׃ 7 װֶען אִיךְ בִּין אַרוֹיסְגֶע־
גַאנְגֶען דוּרְךְ דֶעם טוֹיעֶר אִין דִיא שְׁטָאט, װֶען אִיךְ הָאבּ אִין דֶער גַאס אָנְגֶעבְּרֵייט מֵיין שְׁטוּל׃
8 װֶען דִיא יוּנְגֶע לֵייט הָאבֶּען מִיךְ גֶעזֶעהֶען אַזוֹי הָאבֶּען זֵייא זִיךְ בֶּעהַאלְטֶען, אֲפִילוּ דִיא אַלְטֶע
לֵייט זֶענֶען פָאר מִיר אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען׃ 9 פְרִינְצֶען הָאבֶּען פֶערְמִיטֶען צוּ רֶעדֶען, אוּנְד זֵייא
הָאבֶּען זֵיירֶע הַאנְד אוֹיף זֵייעֶר מוֹיל גֶעלֶעגְט׃ 10 דָאס קוֹל פוּן דִיא עֶדֶעל־לֵייט הָאט זִיךְ בֶּע־
הַאלְטֶען, אוּנְד זֵיירֶע צוּנְג הָאט זִיךְ בֶּעהֶעפְט צוּ זֵייעֶר גוֹימֶען׃ 11 װֶען דָאס אוֹיעֶר הָאט מִיךְ
גֶעהֶערְט, אַזוֹי הָאט עֶס מִיךְ גֶעבֶּענְשְׁט, אוּנְד װֶען דָאס אוֹיג הָאט מִיךְ גֶעזֶעהֶען, אַזוֹי הָאט עֶס
אוֹיף מִיר עֵדוּת גֶעזָאגְט׃ 12 װָארִין אִיךְ הָאבּ גֶעמַאכְט אַנְטְרִינֶען דֶעם אָרֶעמֶען װָאס הָאט גֶע־
שְׁרִיעֶן, אוּנְד דֶעם יָתוֹם, אוּנְד אוֹיךְ דֶעם װָאס הָאט קֵיין הֶעלְפֶער׃ 13 דִיא בְּרָכָה פוּן דֶעם װָאס
אִיז נָאהֶענְט גֶעװֶעזֶען פֶערְלוֹירֶען צוּ װֶערֶען אִיז אִיבֶּער מִיר גֶעקוּמֶען, אוּנְד דָאס הַארְץ פוּן
דֶער אַלְמָנָה הָאבּ אִיךְ גֶעמַאכְט זִינְגֶען׃ 14 אִיךְ הָאבּ מִיךְ אָנְגֶעקְלֵייד מִיט גֶערֶעכְטִיגְקֵייט אוּנְד
זִיא הָאט מִיךְ בֶּעקְלֵיידֶעט, אַזוֹי װִיא מִיט אַ מַאנְטֶעל אוּנְד אַ הוּט אִיז גֶעװֶעזֶען מֵיין מִשְׁפָּט׃
15 אִיךְ בִּין גֶעװֶעזֶען אוֹיגֶען צוּ דֶעם בְּלִינְדֶען, אוּנְד פִיס בִּין אִיךְ גֶעװֶעזֶען צוּ דֶעם לָאמֶען׃
16 אִיךְ בִּין אוֹיךְ גֶעװֶעזֶען אַ פָאטֶער צוּ דִיא נוֹיטְבֶּעדַארְפְטִיגֶע, אוּנְד אֲפִילוּ דֶעם קְרִיג פוּן
זָאלְכֶע װָאס אִיךְ הָאבּ נִיט גֶעקֶענְט הָאבּ אִיךְ אוֹיךְ אוֹיסְגֶעפָארְשְׁט׃ 17 אִיךְ הָאבּ צוּבְּרָאכֶען
דִיא בַּאקְצֵיין פוּן דֶעם אוּמְגֶערֶעכְטֶען, אוּנְד פוּן זֵיינֶע צֵיין הָאבּ אִיךְ אֲפִילוּ אַװֶעקְגֶערִיסֶען דָאס
פֶערְצוּקְטֶע׃ 18 אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעטְרַאכְט דָאס אִיךְ װֶעל שְׁטַארְבֶּען אִין מֵיין נֶעסְט, אוּנְד אִיךְ
װֶעל פֶערְמֶעהְרֶען מֵיינֶע טֶעג אַזוֹי װִיא זַאמְד׃ 19 מֵיינֶע װָארְצֶעל אִיז גֶעװֶעזֶען אוֹיסְגֶע־
שְׁפְּרֵייט בִּיז צוּ װַאסֶער, אוּנְד דֶער טוֹיא אִיז גֶעװֶעזֶען אוֹיף מֵיינֶע צְװֵייגֶען אִיבֶּער נַאכְט׃
20 מֵיין כָּבוֹד אִיז בַּייא מִיר נֵייא גֶעװֶעזֶען, אוּנְד מֵיין בּוֹיגֶען אִיז אִין מֵיינֶע הַאנְד פֶערְװֶעקְסֶעלְט
(שְׁטַארְק) גֶעװָארֶען׃ 21 צוּ מִיר הָאבֶּען מֶענְשֶׁען גֶעהָארְכְט אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעהָאפְט, אוּנְד
זֵייא הָאבֶּען שְׁטִיל גֶעשְׁװִיגֶען צוּ מֵיינֶע עֵצוֹת׃ 22 נָאךְ מֵיינֶע װֶערְטֶער הָאבֶּען זֵייא שׁוֹין
נִיט מֶעהְר גֶעעֶנְדֶערְט, אוּנְד מֵיינֶע רֶעד הָאבֶּען אוֹיף זֵייא גֶעטְרִיפְט׃ 23 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אוֹיף
מִיר גֶעהָאפְט װִיא אוֹיף דֶעם רֶעגֶען, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זֵיירֶע מֵיילֶער אוֹיפְגֶעמַאכְט אַזוֹי
װִיא צוּ דֶעם שְׁפֶּעט־רֶעגֶען׃ 24 אוּנְד װֶען אִיךְ הָאבּ אִיבֶּער זֵייא גֶעלַאכְט אַזוֹי הָאבֶּען זֵייא עֶס
נִיט גֶעגְלוֹיבְּט, אוּנְד דָאס לִיכְט פוּן מֵיין פָּנִים הָאבֶּען זֵייא נִיט גֶעמַאכְט פַאלֶען׃ 25 אִיךְ הָאבּ
זֵייעֶר װֶעג אוֹיסְדֶערְװֶעהְלְט, אוּנְד אִיךְ בִּין גֶעזֶעסֶען אוֹיבֶּען אָן, אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעװוֹינְט
װִיא אַ מֶלֶךְ צְװִישֶׁען דִיא חַיָילוֹת, אַזוֹי װִיא אֵיינֶער װָאס אִיז מְנַחֵם דִיא אֲבֵלִים׃

קאפיטעל ל

1 אָבֶּער אַצוּנְד לַאכֶען אִיבֶּער מִיר אֲפִילוּ דִיא װָאס זֶענֶען יוּנְגֶער פוּן מִיר אִין יָאהְרֶען, װָאס אִיךְ
הָאבּ

וְגַם־חֲקָרָהּ׃ וַיֹּאמֶר ׀ לָאָדָם הֵן יִרְאַת אֲדֹנָי הִיא חָכְמָה 28
וְסוּר מֵרָע בִּינָה׃

כט

כט

וַיֹּסֶף אִיּוֹב שְׂאֵת מְשָׁלוֹ וַיֹּאמַר׃ מִי־יִתְּנֵנִי כְיַרְחֵי־קֶדֶם א 2
כִּימֵי אֱלוֹהַּ יִשְׁמְרֵנִי׃ בְּהִלּוֹ נֵרוֹ עֲלֵי רֹאשִׁי לְאוֹרוֹ אֵלֶךְ 3
חֹשֶׁךְ׃ כַּאֲשֶׁר הָיִיתִי בִּימֵי חָרְפִּי בְּסוֹד אֱלוֹהַּ עֲלֵי אָהֳלִי׃ 4
בְּעוֹד שַׁדַּי עִמָּדִי סְבִיבוֹתַי נְעָרָי׃ בִּרְחֹץ הֲלִיכַי בְּחֵמָה ה 6
וְצוּר יָצוּק עִמָּדִי פַּלְגֵי־שָׁמֶן׃ בְּצֵאתִי שַׁעַר עֲלֵי־קָרֶת 7
בָּרְחוֹב אָכִין מוֹשָׁבִי׃ רָאוּנִי נְעָרִים וְנֶחְבָּאוּ וִישִׁישִׁים קָמוּ 8
עָמָדוּ׃ שָׂרִים עָצְרוּ בְמִלִּים וְכַף יָשִׂימוּ לְפִיהֶם׃ קוֹל־ 9 י
נְגִידִים נֶחְבָּאוּ וּלְשׁוֹנָם לְחִכָּם דָּבֵקָה׃ כִּי אֹזֶן שָׁמְעָה 11
וַתְּאַשְּׁרֵנִי וְעַיִן רָאֲתָה וַתְּעִידֵנִי׃ כִּי־אֲמַלֵּט עָנִי מְשַׁוֵּעַ וְיָתוֹם 12
וְלֹא־עֹזֵר לוֹ׃ בִּרְכַּת אֹבֵד עָלַי תָּבֹא וְלֵב אַלְמָנָה אַרְנִן׃ 13
צֶדֶק לָבַשְׁתִּי וַיִּלְבָּשֵׁנִי כִמְעִיל וְצָנִיף מִשְׁפָּטִי׃ עֵינַיִם 14 טו
הָיִיתִי לַעִוֵּר וְרַגְלַיִם לַפִּסֵּחַ אָנִי׃ אָב אָנֹכִי לָאֶבְיוֹנִים 16
וְרִב לֹא־יָדַעְתִּי אֶחְקְרֵהוּ׃ וָאֲשַׁבְּרָה מְתַלְּעוֹת עַוָּל וּמִשִּׁנָּיו 17
אַשְׁלִיךְ טָרֶף׃ וָאֹמַר עִם־קִנִּי אֶגְוָע וְכַחוֹל אַרְבֶּה יָמִים׃ 18
שָׁרְשִׁי פָתוּחַ אֱלֵי־מָיִם וְטַל יָלִין בִּקְצִירִי׃ כְּבוֹדִי חָדָשׁ 19 כ
עִמָּדִי וְקַשְׁתִּי בְּיָדִי תַחֲלִיף׃ לִי־שָׁמְעוּ וְיִחֵלּוּ וְיִדְּמוּ לְמוֹ 21
עֲצָתִי׃ אַחֲרֵי דְבָרִי לֹא יִשְׁנוּ וְעָלֵימוֹ תִּטֹּף מִלָּתִי׃ וְיִחֲלוּ 22 23
כַמָּטָר לִי וּפִיהֶם פָּעֲרוּ לְמַלְקוֹשׁ׃ אֶשְׂחַק אֲלֵהֶם לֹא 24
יַאֲמִינוּ וְאוֹר פָּנַי לֹא יַפִּילוּן׃ אֶבְחַר דַּרְכָּם וְאֵשֵׁב רֹאשׁ כה
וְאֶשְׁכּוֹן כְּמֶלֶךְ בַּגְּדוּד כַּאֲשֶׁר אֲבֵלִים יְנַחֵם׃

ל

ל

וְעַתָּה ׀ שָׂחֲקוּ עָלַי צְעִירִים מִמֶּנִּי לְיָמִים אֲשֶׁר־מָאַסְתִּי א
אֲבוֹתָם לָשִׁית עִם־כַּלְבֵי צֹאנִי׃ גַּם־כֹּחַ יְדֵיהֶם לָמָּה לִּי 2
עָלֵימוֹ אָבַד כָּלַח׃ בְּחֶסֶר וּבְכָפָן גַּלְמוּד הַעֹרְקִים צִיָּה 3

14 רשעים ממנה: תתהפך כחמר חותם ויתיצבו כמו
טו 16 לבוש: וימנע מרשעים אורם וזרוע רמה תשבר: הבאת
17 עד־נבכי־ים ובחקר תהום התהלכת: הנגלו לך שערי־
18 מות ושערי צלמות תראה: התבננת עד־רחבי־ארץ
19 הגד אם־ידעת כלה: אי־זה הדרך ישכן־אור וחשך אי־
כ זה מקמו: כי תקחנו אל־גבולו וכי תבין נתיבות ביתו:
21 22 ידעת כי־אז תולד ומספר ימיך רבים: הבאת אל־
23 אצרות שלג ואוצרות ברד תראה: אשר חשכתי לעת־
24 צר ליום קרב ומלחמה: אי־זה הדרך יחלק אור יפץ
כה קדים עלי־ארץ: מי־פלג לשטף תעלה ודרך לחזיז
26 קלות: להמטיר על־ארץ לא־איש מדבר לא־אדם בו:
27 28 להשביע שאה ומשאה ולהצמיח מצא דשא: היש־
29 למטר אב או מי־הוליד אגלי־טל: מבטן מי יצא הקרח
ל וכפר שמים מי ילדו: כאבן מים יתחבאו ופני תהום
31 יתלכדו: התקשר מעדנות כימה או־מושכות כסיל
32 תפתח: התציא מזרות בעתו ועיש על־בניה תנחם:
33 34 הידעת חקות שמים אם־תשים משטרו בארץ: התרים
לה לעב קולך ושפעת־מים תכסך: התשלח ברקים וילכו
36 ויאמרו לך הננו: מי־שת בטחות חכמה או מי־נתן לשכוי
37 בינה: מי־יספר שחקים בחכמה ונבלי שמים מי ישכיב:
38 39 בצקת עפר למוצק ורגבים ידבקו: התצוד ללביא טרף
מ וחית כפירים תמלא: כי־ישחו במעונות ישבו בסכה
41 למו־ארב: מי יכין לערב צידו כי־ילדו אל־אל ישועו
יתעו לבלי־אכל:

## לט לט

א 2 הידעת עת לדת יעלי־סלע חלל אילות תשמר: תספר
3 ירחים תמלאנה וידעת עת לדתנה: תכרענה ילדיהן

אונד דיא רשעים דערפון אויסצושאקעלן: 14 אז זייא זאלען זיך קעהרען אזוי וויא דער לעהם צו דעם חותם אונד זייא וועלען זיך שטעלען אזוי וויא א קלייד: 15 אונד פון דיא רשעים וועט זייער ליכט געמינערט ווערען, אונד דער הויכער ארעם וועט צובראכען ווערען: 16 ביזט דוא אנגעקומען ביז צו דיא קוועלען פון דעם ים? אדער ביזט דוא ארומגעגאנגען אויסצופארשען דיא טיפענים? 17 זענען דיא טויערן פון דעם טויט צו דיר אנטפלעקט געווארען? אדער האסט דוא געזעהן דיא טויערן פון דעם שאטען פון טויט? 18 האסט דוא בעמערקט דיא ברייט פון דער ערד? זאג אויב דוא ווייסט דאס אלעס: 19 אוואו איז דער וועג וואו דאס ליכט וואוינט? אונד וועלכעס איז דער ארט פון דער פינסטערנים: 20 אז דוא זאלסט קענען אהינפיהרען צו זיינע גרענעץ, אדער אז דוא זאלסט קענען פערשטעהן דעם שטעג צו דעם הויז דערפון: 21 ווייסט דוא עס דען, ווייל דוא ביזט שוין דענסמאל געבוירען געווארען? אדער ווייל דיא צאל פון דיינע טעג זענען פיל? 22 ביזט דוא דען אריינגעקומען אין דיא אוצרות פון דעם שנע? אדער האסט דוא געזעהען דיא אוצרות פון דעם האגעל? 23 וואס איך האב בעהאלטען פאר דיא צייט פון דער צרה, פאר דעם טאג פון קריג אונד מלחמה? 24 וואו איז דער וועג אוואו דאס ליכט צוטיילט זיך, וואס צושפרייט דעם מזרח־ווינד איבער דער ערד? 25 ווער האט אפגעטיילט צו דער פערפלייצונג א רין, אונד א וועג צו דיא קולות פון דעם דאנער? 26 כדי עס זאל רעגנען אויף דער ערד וואו עס איז קיין מענש, אין דער מדבר וואו קיין מענש איז ניט? 27 כדי צו זעטיגען דיא וויסטע וויסטעניא, אונד עס צו מאכען שפראצען אז גראז זאל ארויסוואקסען: 28 האט דען דער רעגען א פאטער? אדער ווער מאכט אז דיא טראפען פון דעם טויא זאלען געבוירען ווערען? 29 פון וועלכען בויך איז דאס אייז ארויסגעקומען? אדער ווער האט געבוירען דיא פראסט פון דעם הימעל: 30 דיא וואסער בעהאלטען זיך אזוי וויא א שטיין, אונד דאס פנים פון דעם אפגרונד ווערט געפרוירען: 31 קענסט דוא פערקניפען דיא מזלות פון כימה, אדער קענסט דוא אויפמאכען דיא אויסציהונג פון דעם מזל כסיל? 32 אדער קענסט דוא ארויסברענגען דיא מזלות אין זיינער צייט? אדער קענסט דוא פיהרען דעם מזל עיש מיט איהרע קינדער? 33 ווייסט דוא דען דיא געזעץ פון דעם הימעל? אדער קענסט דוא מאכען אז איטליכער מזל זאל געוועלטיגען אין דער ערד? 34 קענסט דוא אויפהעבען דיין קול צו דיא וואלקען, אז דיא מאסע פון דיא וואסער זאלען זיך צודעקען? 35 קענסט דוא ארויסשיקען דיא בליצען אז זייא זאלען געהן, אונד אז זייא זאלען צו דיר זאגען היער בין איך! 36 ווער האט דיא חכמה אריינגעטהון אין דער בעהאלטענים? אדער ווער געט פערשטאנד צו דעם הארץ (אדער געדאנקען)? 37 ווער קען צעהלען דיא וואלקענס דורך חכמה? אדער ווער קען צוריקהאלטען דיא פלאשען פון דעם הימעל? 38 ווען דער שטויב איז צוזאמענגעגאסען געווארען, אונד דיא שטיקער בעהעפטען זיך צוזאמען: 39 ווילסט דוא נאכיאגען דיא פערציקונג פאר דעם לייב, אדער אנפילען דאס פערלאנגען פון דיא יונגע לייבען? 40 ווען זייא לעגען זיך אנידער אין זיירע העלען, אונד זייא בלייבען אין דיא ביידלעך צו לויערן: 41 ווער גרייט אן פאר דיא ראבען עסען? ווען זיירע יונגע שרייען צו גאט אונד זייא וואנדערן ארום אהן עסען?

## קאפיטעל לט

1 ווייסט דוא דיא צייט ווען דיא ווילדע ציגען פון דיא פעלזען געווינען? אדער בעמערקסט דוא ווען דיא אינדין האט געבורטס שמערצען? 2 קענסט דוא צעהלען דיא חדשים ווען זייא דערפילען, אדער ווייסט דוא דיא צייט פון זייער געווינען? 3 זייא בעגען זיך אנידער,

זײַרע קינדער שפּאַלטען (דיא מוטער־טראַכט) אונד זײַרע וועהטאָג שיקען זײא אַוועק: 4 זײַרע יונגע קינדער ווערען שטאַרק אונד פערמעהרען זיך אַזוֹי וויא דאָס קאָרן, זײא געהן אַרוֹיס, אָבער זײא קומען ניט מעהר צוריק צו זײא: 5 ווער האָט דעם ווילדען עזעל פרײא אַוועקגעשיקט? אָדער ווער האָט אויפגעבונדען דעם שטריק פון דעם ווילדען עזעל? 6 וואָס איך האָב געמאַכט זײַן הויז אין דער וויסטעניס, אונד אין דעם פערדאַרטען לאַנד זײַנע וואוינונג: 7 ער שפּעט איבער דעם המון פון דער שטאָט, אונד ער הערט ניט אַמאָל דאָס געשרײא פון דעם טרײַבער: 8 וואָס ער זעהט אויף דיא בערג איז זײַנע פּאַשע (ווײַדע), אונד ער פאָרשט אוֹיס נאָך אַלעם גרינעם גראָז: 9 וועט דען דאָס אײַנהאָרן ווילליג זײַן דיר צו דינען, אָדער צו בלײַבען אין דײַן שטאַל (בײַא דײַנע קאָרעטע)? 10 קענסט דו דען דאָס אײַנהאָרן אײַנשפּאַנען מיט אַ שטריק (צו אַקערן), אָדער וועט ער נאָך דיר דאָס פעלד גלײַך מאַכען? 11 פערזיכערסט דו דיך אויף איהם ווײַל ער האָט אַ גרױסען כּח, אָדער וועסט דו דיך אויף איהם פערלאָזען מיט דײַנע אַרבײַט? 12 ווילסט דו איהם גלױבען אַז ער וועט דײַן זאַמען צוריקברענגען, אונד ער וועט עס אײַנזאַמעלן אין דײַנע שײַער? 13 האָסט דו געגעבען שעהנע פליגעל צו דיא גרױסע זינגענדיגע פעגעל, אָדער פליגעל אונד פעדערן צו דעם שטאָרך? 14 וואָס פערלאָזען זײַרע אײַער אויף דער ערד, אונד וואַרמט זײא אין דעם שטויב: 15 אונד פערגעסען אַז דער פוס קען זײא צוטרעטען, אָדער דיא ווילדע חיות פון דעם פעלד קענען זײא צוברעכען: 16 זײא זענען פערהאַרטעט קעגען זײַרע אײגענע יונגען, גראַד אַזוֹי אויב זײא ווערען ניט זײַערס, זײַרע בעמיהונג איז בחנם אונד אָהן מורא: 17 וואָרין גאָט האָט זײא געמאַכט פערגעסען דיא חכמה, אונד ער האָט צו זײא ניט אויסגעטײלט פערשטאַנד: 18 אין וועלכע צײַט אַז זיא דערהעבט זיך אין דער הײך אַזוֹי שפּעט זיא איבער דעם פערד אונד זײַן רײַטער: 19 האָסט דו געגעבען צו דעם פערד גבורה? קענסט דו אָנקלײדען זײַן האַלז מיט אַ שטורם ציטערניס? 20 קענסט דו איהם מאַכען שטורמען אָדער שפּרינגען אַזוֹי וויא אַ הײַשרעק, דיא שעהנקײט פון זײַן שנאָרכען איז פאָרכטערליך: 21 זײא זעהען אוֹיס (אָדער גרובען) אין דעם טהאָל, אונד ער פרײַט זיך מיט זײַן כּח, ער געהט אַרוֹיס ענטקעגען דעם בעוואָפענטען: 22 ער שפּעט איבער פאָרכט אונד ער האָט קײן מורא, אונד ער קעהרט ניט צוריק פון וועגען דעם שווערד: 23 דיא פײַלען קלינגען איבער איהם, אונד אויך דיא קלינגען פון דיא שווערדען אונד שפּיזען: 24 מיט אַ רעש אונד אַ צאָרן שפּרינגט ער איבער דיא ערד, אונד ער גלויבט ניט אַז עס איז אַ קול פון אַ שופר: 25 אַזוֹי באַלד וויא מען בלאָזט דעם שופר זאָגט ער האַ, האַ! אונד ער שמעקט דיא מלחמה פון ווײַטען, ער הערט דעם לאַרם אונד דעם שאַל פון פירשטען: 26 טהוט דער פויגעל וואָס הײסט נץ פליהען דורך דײַן פערשטאַנד? אָדער טהוט ער אויסשפּרײַטען זײַנע פליגעל קעגען דרום־זײַט? 27 אָדער טהוט זיך דער אַדלער דערהעבען אויף דײַן בעפעהל, אונד טהוט ער דערהעבען זײַן נעסט? 28 ער בלײַבט וואוינען אויף אַ פעלז, אויף אַ שפּיץ פעלז איז איהרע פעסטונג: 29 אַפילו פון דאָרט זוכט זיא אויס דאָס עסען, דיא זעהט עס מיט איהרע אויגען פון ווײַטען: 30 אונד איהרע יונגע זײַגען בלוט, אונד אַוואו דערשלאָגענע זענען דאָרט איז זיא אויך:

קאַפּיטעל מ

1 אונד גאָט האָט געענטפערט איוב, אונד ער האָט געזאָגט: 2 זאָל דער וואָס קריגט זיך מיט דעם אַלמעכטיגען איהם נאָך מוסר זאָגען? לאָז דער וואָס שטראָפט גאָט עס ענטפערן: 3 אַזוֹי האָט איוב גאָט געענטפערט אונד געזאָגט: 4 זעה, איך בין צו גרינג, וואָס קען איך

תְּפַלַּחְנָה חֶבְלֵיהֶם תְּשַׁלַּחְנָה: יַחְלְמוּ בְנֵיהֶם יִרְבּוּ בַבָּר 4
יָצְאוּ וְלֹא־שָׁבוּ לָמוֹ: מִי־שִׁלַּח פֶּרֶא חָפְשִׁי וּמֹסְרוֹת עָרוֹד ה
מִי פִתֵּחַ: אֲשֶׁר־שַׂמְתִּי עֲרָבָה בֵיתוֹ וּמִשְׁכְּנוֹתָיו מְלֵחָה: 6
יִשְׂחַק לַהֲמוֹן קִרְיָה תְּשֻׁאוֹת נוֹגֵשׂ לֹא יִשְׁמָע: יְתוּר הָרִים 7 8
מִרְעֵהוּ וְאַחַר כָּל־יָרוֹק יִדְרוֹשׁ: הֲיֹאבֶה רֵּים עָבְדֶךָ אִם־ 9
יָלִין עַל־אֲבוּסֶךָ: הֲתִקְשָׁר־רֵים בְּתֶלֶם עֲבֹתוֹ אִם־יְשַׂדֵּד י
עֲמָקִים אַחֲרֶיךָ: הֲתִבְטַח־בּוֹ כִּי־רַב כֹּחוֹ וְתַעֲזֹב אֵלָיו 11
יְגִיעֶךָ: הֲתַאֲמִין בּוֹ כִּי־יָשׁוּב זַרְעֶךָ וְגָרְנְךָ יֶאֱסֹף: כְּנַף־ 12 13
רְנָנִים נֶעֱלָסָה אִם־אֶבְרָה חֲסִידָה וְנֹצָה: כִּי־תַעֲזֹב לָאָרֶץ 14
בֵּצֶיהָ וְעַל־עָפָר תְּחַמֵּם: וַתִּשְׁכַּח כִּי־רֶגֶל תְּזוּרֶהָ וְחַיַּת טו
הַשָּׂדֶה תְּדוּשֶׁהָ: הִקְשִׁיחַ בָּנֶיהָ לְּלֹא־לָהּ לְרִיק יְגִיעָהּ 16
בְּלִי־פָחַד: כִּי־הִשָּׁהּ אֱלוֹהַּ חָכְמָה וְלֹא־חָלַק לָהּ בַּבִּינָה: 17
כָּעֵת בַּמָּרוֹם תַּמְרִיא תִּשְׂחַק לַסּוּס וּלְרֹכְבוֹ: הֲתִתֵּן לַסּוּס 18 19
גְּבוּרָה הֲתַלְבִּישׁ צַוָּארוֹ רַעְמָה: הֲתַרְעִישֶׁנּוּ כָּאַרְבֶּה הוֹד כ
נַחְרוֹ אֵימָה: יַחְפְּרוּ בָעֵמֶק וְיָשִׂישׂ בְּכֹחַ יֵצֵא לִקְרַאת־ 21
נָשֶׁק: יִשְׂחַק לְפַחַד וְלֹא יֵחָת וְלֹא־יָשׁוּב מִפְּנֵי־חָרֶב: 22
עָלָיו תִּרְנֶה אַשְׁפָּה לַהַב חֲנִית וְכִידוֹן: בְּרַעַשׁ וְרֹגֶז יְגַמֶּא־ 23 24
אָרֶץ וְלֹא־יַאֲמִין כִּי־קוֹל שׁוֹפָר: בְּדֵי שֹׁפָר ׀ יֹאמַר הֶאָח כה
וּמֵרָחוֹק יָרִיחַ מִלְחָמָה רַעַם שָׂרִים וּתְרוּעָה: הֲמִבִּינָתְךָ 26
יַאֲבֶר־נֵץ יִפְרֹשׂ כְּנָפָו לְתֵימָן: אִם־עַל־פִּיךָ יַגְבִּיהַּ נָשֶׁר 27
וְכִי יָרִים קִנּוֹ: סֶלַע יִשְׁכֹּן וְיִתְלֹנָן עַל־שֶׁן־סֶלַע וּמְצוּדָה: 28
מִשָּׁם חָפַר־אֹכֶל לְמֵרָחוֹק עֵינָיו יַבִּיטוּ: וְאֶפְרֹחָו יְעַלְעוּ־ 29 ל
דָם וּבַאֲשֶׁר חֲלָלִים שָׁם הוּא:

מ

וַיַּעַן יְהוָה אֶת־אִיּוֹב וַיֹּאמַר: הֲרֹב עִם־שַׁדַּי יִסּוֹר מוֹכִיחַ א 2
אֱלוֹהַּ יַעֲנֶנָּה: וַיַּעַן אִיּוֹב אֶת־יְהוָה וַיֹּאמַר: הֵן קַלֹּתִי 3 4
מָה אֲשִׁיבֶךָּ יָדִי שַׂמְתִּי לְמוֹ־פִי: אַחַת דִּבַּרְתִּי וְלֹא אֶעֱנֶה ה

6 וּשְׁתַּיִם וְלֹא אוֹסִיף׃ וַיַּעַן־יְהוָה אֶת־אִיּוֹב מִן ׀
7 סְעָרָה וַיֹּאמַר׃ אֱזָר־נָא כְגֶבֶר חֲלָצֶיךָ אֶשְׁאָלְךָ וְהוֹדִיעֵנִי׃
8 9 הַאַף תָּפֵר מִשְׁפָּטִי תַּרְשִׁיעֵנִי לְמַעַן תִּצְדָּק׃ וְאִם־זְרוֹעַ
י כָּאֵל ׀ לָךְ וּבְקוֹל כָּמֹהוּ תַרְעֵם׃ עֲדֵה־נָא גָאוֹן וָגֹבַהּ וְהוֹד
11 וְהָדָר תִּלְבָּשׁ׃ הָפֵץ עֶבְרוֹת אַפֶּךָ וּרְאֵה כָל־גֵּאֶה וְהַשְׁפִּילֵהוּ׃
12 13 רְאֵה כָל־גֵּאֶה הַכְנִיעֵהוּ וַהֲדֹךְ רְשָׁעִים תַּחְתָּם׃ טָמְנֵם
14 בֶּעָפָר יָחַד פְּנֵיהֶם חֲבֹשׁ בַּטָּמוּן׃ וְגַם־אֲנִי אוֹדֶךָּ כִּי־
טו תוֹשִׁיעַ לְךָ יְמִינֶךָ׃ הִנֵּה־נָא בְהֵמוֹת אֲשֶׁר־עָשִׂיתִי עִמָּךְ
16 חָצִיר כַּבָּקָר יֹאכֵל׃ הִנֵּה־נָא כֹחוֹ בְמָתְנָיו וְאֹנוֹ בִּשְׁרִירֵי
17 18 בִטְנוֹ׃ יַחְפֹּץ זְנָבוֹ כְמוֹ־אָרֶז גִּידֵי פַחֲדָו יְשֹׂרָגוּ׃ עֲצָמָיו
19 אֲפִיקֵי נְחוּשָׁה גְּרָמָיו כִּמְטִיל בַּרְזֶל׃ הוּא רֵאשִׁית דַּרְכֵי־
כ אֵל הָעֹשׂוֹ יַגֵּשׁ חַרְבּוֹ׃ כִּי־בוּל הָרִים יִשְׂאוּ־לוֹ וְכָל־חַיַּת
21 הַשָּׂדֶה יְשַׂחֲקוּ־שָׁם׃ תַּחַת־צֶאֱלִים יִשְׁכָּב בְּסֵתֶר קָנֶה
22 23 וּבִצָּה׃ יְסֻכֻּהוּ צֶאֱלִים צִלְלוֹ יְסֻבּוּהוּ עַרְבֵי־נָחַל׃ הֵן יַעֲשֹׁק
24 נָהָר לֹא יַחְפּוֹז יִבְטַח ׀ כִּי־יָגִיחַ יַרְדֵּן אֶל־פִּיהוּ׃ בְּעֵינָיו
כה יִקָּחֶנּוּ בְּמוֹקְשִׁים יִנְקָב־אָף׃ תִּמְשֹׁךְ לִוְיָתָן בְּחַכָּה וּבְחֶבֶל
26 תַּשְׁקִיעַ לְשֹׁנוֹ׃ הֲתָשִׂים אַגְמֹן בְּאַפּוֹ וּבְחוֹחַ תִּקֹּב לֶחֱיוֹ׃
27 28 הֲיַרְבֶּה אֵלֶיךָ תַּחֲנוּנִים אִם־יְדַבֵּר אֵלֶיךָ רַכּוֹת׃ הֲיִכְרֹת
29 בְּרִית עִמָּךְ תִּקָּחֶנּוּ לְעֶבֶד עוֹלָם׃ הַתְשַׂחֶק־בּוֹ כַּצִּפּוֹר
ל וְתִקְשְׁרֶנּוּ לְנַעֲרוֹתֶיךָ׃ יִכְרוּ עָלָיו חַבָּרִים יֶחֱצוּהוּ בֵּין
31 כְּנַעֲנִים׃ הֲתְמַלֵּא בְשֻׂכּוֹת עוֹרוֹ וּבְצִלְצַל דָּגִים רֹאשׁוֹ׃
32 שִׂים־עָלָיו כַּפֶּךָ זְכֹר מִלְחָמָה אַל־תּוֹסַף׃

## מא

מא

2 א הֵן־תֹּחַלְתּוֹ נִכְזָבָה הֲגַם אֶל־מַרְאָיו יֻטָל׃ לֹא־אַכְזָר כִּי
3 יְעִירֶנּוּ וּמִי הוּא לְפָנַי יִתְיַצָּב׃ מִי הִקְדִּימַנִי וַאֲשַׁלֵּם תַּחַת
4 כָּל־הַשָּׁמַיִם לִי־הוּא׃ לֹא־אַחֲרִישׁ בַּדָּיו וּדְבַר גְּבוּרוֹת וְחִין
ה 6 עֶרְכּוֹ׃ מִי־גִלָּה פְּנֵי לְבוּשׁוֹ בְּכֶפֶל רִסְנוֹ מִי יָבוֹא׃ דַּלְתֵי

דיר ענטפערן? איך וועל מיינע האנד אויף מיין מויל לעגען: 5 איינמאל האב איך גערעט, אבער איך וויל ניט ענטפערן, יוא צוויא מאל, אבער איך וועל ניט מעהר (רעדען): 6 אזוי האט גאט איוב געענטפערט פון דעם שטורמווינד, אונד ער האט געזאגט: 7 גארט דאך אן דיינע לענדען אזוי וויא א מענש, איך וועל דיך פרעגען, אונד דוא זאלסט מיר וויסען לאזען: 8 ווילסט דוא דען אויך מיין משפט צושטערען? ווילסט דוא מיך בעשולדיגען כדי דוא זאלסט גערעכט זיין? 9 אדער האסט דוא איין ארעם אזוי וויא גאט? אדער קענסט דוא דאנערען מיט א קול אזוי וויא ער? 10 ציר דיך דאך (אצונד) אן מיט גרויסקייט אונד הויכקייט, אונד קלייד דיך אן מיט שעהנע שעהנקייט: 11 פערשפרייט דאך דעם גרים פון דיין צארן, אונד זעה אן איטליכען וואס איז שטאלץ, אונד דערנידעריג איהם: 12 זעה אן איטליכען וואס איז שטאלץ אונד מאך איהם אונטערטעניג, אונד צושטויס דיא רשעים הינטער זייא: 13 דוא וועסט זייא צוזאמען בעהאלטען אין דעם שטויב, אונד בינד זייערע פענעמער אין דער בעהאלטעניס: 14 אזוי וועל איך צו דיר אויך בעקענען אז דיינע רעכטע האנד קען דיר העלפען: 15 זעה דאך אן דיא בהמות וואס איך האב בעשאפען מיט דיר, ער עסט גראז אזוי וויא דיא רינדער: 16 זעה דאך זיין כח איז אין זיינע לענדען, אונד זיינע קראפט איז אין דעם נאפעל פון זיין בויך: 17 ער בעוועגט זיין זנב (וואס איז הארט) אזוי וויא א טענענבוים, אונד זיינע אדערן זענען צוזאמען געפלאכטען: 18 זיינע ביינער זענען אזוי שטארק וויא קופער, זיינע ביינער זענען אזוי שטארק וויא אייזערנע שטאנגען: 19 ער איז געוועזען דאס ערשטע פון דיא וועגען פון גאט, דער וואס האט איהם בעשאפען, קען אויך צו איהם גרייכען זיין שווערד: 20 פארוואהר דיא בערג לאזען וואקסען זיין עסען פאר איהם, אונד אלערלייא חיות פון דעם פעלד שפילען זיך דארטען: 21 ער לעגט זיך אנידער אונטער זייער שאטען, אין דעם פערבארגענעם צווישען דיא ראהרען אונד לאנגען גראז: 22 דיא שאטען פון אנדערע בעדעקען איהם מיט זייערע שאטען, דיא ווערבע־ביימער פון דעם טייך רינגעלן איהם ארום: 23 זעה, ער טרינקט אויס דעם טייך, ער איילט זיך ניט, ער האט א פערזיכערונג אז ער קען אויסשעפען דעם ירדן אין זיין מויל: 24 ער ווערט צוגענומען ווערען מיט זיינע אויגען, אונד מיט דיא שטרויכעל־נעץ וועט זיינע נאז דורכגעשטאכען ווערען: 25 קענסט דוא דעם לויתן ארויסציהען מיט א האקען? אדער קענסט דוא ארויסציהען זיינע צונג מיט א שטריק? 26 קענסט דוא א האקען אין זיינע נאז אריינלעגען? אדער דורכבוירען א לאך אין זיינע באקען? 27 וועט ער צו דיר פערמעהרען געבעט? אדער וועט ער צו דיר רעדען לעדיגע זאכען: 28 וועט ער מיט דיר כורת ברית זיין? אדער ווילסט דוא איהם צונעמען פאר איין עביגען קנעכט? 29 ווילסט דוא דיך מיט איהם שפילען אזוי וויא מיט א פויגעל? אדער קענסט דוא איהם אנבינדען צו דיינע יונגע קינדער? 30 זאלען דיינע חברים זיך מאכען א סעודה איבער איהם? אדער זאלען זייא איהם צוטיילען צווישען דיא סוחרים? 31 קענסט דוא אנפילען זיינע הויט מיט שטאכעדיג אייזען? אדער זיין קאפ מיט גרויסע פישגרעטען? 32 לעג דאך דיינע האנד אויף איהם, געדענק אן דער מלחמה, טהוא עס ניט מעהר:

קאפיטעל מא

1 זעה זיינע האפנונג איז שוין פאלש, אפילו בייא דעם אנזעהען ווערט מען אנידערגעווארפען: 2 עס איז ניט פערהאנדען איין אומדערבארעמדיגער וואס זאל איהם קענען אויפוועקען אונד ווער קען פאר איהם בעשטעהן? 3 ווער האט זיך פאר מיר געפערדערט אזוי וועל איך איהם בעצאלען, וואריין אלעס וואס איז אונטער דעם הימעל געהערט צו מיר: 4 איך וועל ניט שווייגען וועגען זיינע שטארקהייט אונד וועגען זיינע גבורות, אונד וועגען זיינע אנריכטונג:

7 פָּנָיו מִי פִתֵּחַ סְבִיבוֹת שִׁנָּיו אֵימָה׃ גַּאֲוָה אֲפִיקֵי מָגִנִּים
8 סָגוּר חוֹתָם צָר׃ אֶחָד בְּאֶחָד יִגַּשׁוּ וְרוּחַ לֹא־יָבֹא בֵינֵיהֶם׃
9 י אִישׁ־בְּאָחִיהוּ יְדֻבָּקוּ יִתְלַכְּדוּ וְלֹא יִתְפָּרָדוּ׃ עֲטִישֹׁתָיו
11 תָּהֶל אוֹר וְעֵינָיו כְּעַפְעַפֵּי־שָׁחַר׃ מִפִּיו לַפִּידִים יַהֲלֹכוּ
12 כִּידוֹדֵי אֵשׁ יִתְמַלָּטוּ׃ מִנְּחִירָיו יֵצֵא עָשָׁן כְּדוּד נָפוּחַ
13 14 וְאַגְמֹן׃ נַפְשׁוֹ גֶּחָלִים תְּלַהֵט וְלַהַב מִפִּיו יֵצֵא׃ בְּצַוָּארוֹ
טו יָלִין עֹז וּלְפָנָיו תָּדוּץ דְּאָבָה׃ מַפְּלֵי בְשָׂרוֹ דָבֵקוּ יָצוּק
16 עָלָיו בַּל־יִמּוֹט׃ לִבּוֹ יָצוּק כְּמוֹ־אָבֶן וְיָצוּק כְּפֶלַח תַּחְתִּית׃
17 18 מִשֵּׂתוֹ יָגוּרוּ אֵלִים מִשְּׁבָרִים יִתְחַטָּאוּ׃ מַשִּׂיגֵהוּ חֶרֶב
19 בְּלִי תָקוּם חֲנִית מַסָּע וְשִׁרְיָה׃ יַחְשֹׁב לְתֶבֶן בַּרְזֶל לְעֵץ
כ רִקָּבוֹן נְחוּשָׁה׃ לֹא־יַבְרִיחֶנּוּ בֶן־קָשֶׁת לְקַשׁ נֶהְפְּכוּ־לוֹ
21 אַבְנֵי־קָלַע׃ כְּקַשׁ נֶחְשְׁבוּ תוֹתָח וְיִשְׂחַק לְרַעַשׁ כִּידוֹן׃
22 23 תַּחְתָּיו חַדּוּדֵי חָרֶשׂ יִרְפַּד חָרוּץ עֲלֵי־טִיט׃ יַרְתִּיחַ כַּסִּיר
24 מְצוּלָה יָם יָשִׂים כַּמֶּרְקָחָה׃ אַחֲרָיו יָאִיר נָתִיב יַחְשֹׁב
כה תְּהוֹם לְשֵׂיבָה׃ אֵין־עַל־עָפָר מָשְׁלוֹ הֶעָשׂוּ לִבְלִי־חָת׃
26 אֵת כָּל־גָּבֹהַּ יִרְאֶה הוּא מֶלֶךְ עַל־כָּל־בְּנֵי־שָׁחַץ׃

## מב

מב
א 2 וַיַּעַן אִיּוֹב אֶת־יְהוָה וַיֹּאמַר׃ יָדַעְתָּ כִּי־כֹל תּוּכָל וְלֹא־
3 יִבָּצֵר מִמְּךָ מְזִמָּה׃ מִי זֶה ׀ מַעְלִים עֵצָה בְּלִי־דָעַת לָכֵן
4 הִגַּדְתִּי וְלֹא אָבִין נִפְלָאוֹת מִמֶּנִּי וְלֹא אֵדָע׃ שְׁמַע־נָא
ה וְאָנֹכִי אֲדַבֵּר אֶשְׁאָלְךָ וְהוֹדִיעֵנִי׃ לְשֵׁמַע־אֹזֶן שְׁמַעְתִּיךָ
6 וְעַתָּה עֵינִי רָאָתְךָ׃ עַל־כֵּן אֶמְאַס וְנִחַמְתִּי עַל־עָפָר וָאֵפֶר׃
7 וַיְהִי אַחַר דִּבֶּר יְהוָה אֶת־הַדְּבָרִים הָאֵלֶּה אֶל־אִיּוֹב
וַיֹּאמֶר יְהוָה אֶל־אֱלִיפַז הַתֵּימָנִי חָרָה אַפִּי בְךָ וּבִשְׁנֵי רֵעֶיךָ
8 כִּי לֹא דִבַּרְתֶּם אֵלַי נְכוֹנָה כְּעַבְדִּי אִיּוֹב׃ וְעַתָּה קְחוּ־לָכֶם
שִׁבְעָה־פָרִים וְשִׁבְעָה אֵילִים וּלְכוּ ׀ אֶל־עַבְדִּי אִיּוֹב וְהַעֲלִיתֶם
עוֹלָה בַּעַדְכֶם וְאִיּוֹב עַבְדִּי יִתְפַּלֵּל עֲלֵיכֶם כִּי ׀ אִם־פָּנָיו

5 װער האט אַנטפּלעקט דאס פּנים פֿון זיין
קלייד? אָדער װער קען צו איהם קומען
מיט זיין דאָפּעלטען צוים? 6 װער קען
אויפמאַכען דיא טירען פֿון זיין מויל?
זיינע ציין זענען פֿאַרכטערליך רינגס
אַרום: 7 ער האט אַ גרויסע גאַוה מיט זיינע
שטאַרקע פּאַנצער, זיי זענען פֿערשלאָסען
אַזוי װיא מיט איין ענגען רינגעל (חותם):
8 זייא בענעהנען איינע צו דיא אַנדערע,
דאס קיין װינד קען ניט קומען צווישען זייא:
9 זייא זענען בעהעפֿט איינע צו דיא אַנ־
דערע, זייא האבען זיך אָנגענומען אונד
זייא קענען ניט אָפּגעשייט װערען: 10 װען
ער ניסט אַזוי טהוט אַ ליכט שיינען, אונד
זיינע אויגען לייכטען אַזוי װיא דער מאָר־
גענשטערן: 11 אויס זיין מויל געהען אַרויס
פֿלאַמען, פֿייער פֿלאַמען אַנטרינען דער־
פֿון: 12 אויס זיינע נאָזלעכער געהט אַרויס
אַ רויך אַזוי װיא פֿון אַ קאָכעדיגען טאָפּ
אָדער װיא פֿון איין ערדענעם טאָפּ: 13 פֿון
זיין לייב טהון זיך קוילען אָנצינדען, אונד
פֿלאַמען געהען אַרויס אויס זיין מויל:
14 אין זיין האַלז טהוט איבערנעכטיגען
שטאַרקהייט, אונד פֿאַר איהם פֿערקעהרט
זיך דיא טרויריגקייט אין פֿרייד: 15 דיא פֿאַלטען פֿון זיין פֿלייש זענען צוזאַמענגעהעפֿט,
עס איז אויף איהם װיא אַרויפֿגעגאָסען, דאס עס װערט ניט אַװעקגעריקט: 16 זיין האַרץ
איז אַזוי שטאַרק װיא אַ שטיין, אונד איז בעגאָסען אַזוי װיא דער אונטערשטער מיהל־
שטיין: 17 װען ער דערהעבט זיך אַזוי האָבען אַפילו דיא שטאַרקע מורא, פֿון װעגען דעם
ברעכענים טהון זייא זיך ריינינגען: 18 דאס שװערד װאס טהוט איהם דערגרייכען קען ניט
בעשטעהן בלייבען, אַזוי אויך ניט קיין שפּיז, פֿייל אָדער פּאַנצער: 19 אייזען װערט ביי
איהם בעטראַכט אַזוי װיא שטרויא, אונד קופּער אַזוי װיא פֿערפֿוילטעס האָלץ: 20 אַ פֿייל
קען איהם ניט מאַכען אַנטלויפֿען, שליידער שטיינער װערען צו איהם פֿערקעהרט צו
שטרויא: 21 שאַרפֿע פֿיילען זענען בערעכענט אַזוי װיא שטרויא, ער לאַכט איבער דעם
שאָקעלן פֿון אַ שפּיז: 22 אונטער איהם זענען שאַרפֿע שטיינער, אַזוי װיא גינ־גאָלד
איז אויף דער ערד אַזוי ער ליגט: 23 ער מאַכט דיא טיפֿענים קאָכען אַזוי װיא אַ טאָפּ,
ער מאַכט דאס ים װיא אַ טאָפּ פֿון אַלערלייא בשׂמים: 24 נאָך איהם טהוט דער שטעג
לייכטען, דער אָפּגרונד איז געגליכען צו אַ גראַד־אַלטען: 25 עס איז ניט פֿערהאַנ־
דען אויף דער ערד איינער װאס איז איהם גלייך, װאס איז בעשאַפֿען אַז ער זאָל פֿאַר
קיינעם קיין מורא האָבען: 26 ער זעהט אַלעס װאס איז אין דער הייך, ער איז אַ מלך
איבער אַלע האָפֿערדיגע קינדער:

### קאפיטעל מב

1 אונד איוב האט געענטפֿערט צו גאָט, אונד האט געזאָגט: 2 איך װייס אַז דו קענסט
טהון אַלעס, אונד קיין שום געדאַנקען קען פֿון דיר צוריקגעהאַלטען װערען: 3 װער
איז דער װאס פֿערהוילט דיא עצה אָהן פֿערשטאַנד? דאַריבער האב איך געזאָגט דאס
װאס איך האב ניט פֿערשטאַנען, װאס עס איז צו װאונדערליך פֿאַר מיר, אונד איך האב
עס ניט געװאוסט: 4 הער דאָך, אונד איך װעל רעדען, איך װעל דיך פֿרעגען, אַז דו
זאָלסט עס מיך לאָזען װיסען: 5 איך האב פֿון דיר געהערט מיט דעם הערען פֿון דעם אויער,
אָבער אַצונד זעהען דיך מיינע אויגען: 6 דאַריבער פֿערמיאוס איך מיך אַליין, אונד איך
האב חרטה (אָדער טהוא תשובה) אין דעם שטויב אונד אַש: 7 אונד עס איז געװעזען
נאָכדעם אַז גאָט האט גערעט דיא דאָזיגע װערטער צו איוב, אַזוי האט גאָט געזאָגט צו
אליפֿז התימני, מיין צאָרן איז קעגען דיר דערגרימט אונד קעגען דיינע צװייא חברים,
װאַרין איהר האט ניט פֿון מיר גערעט רעכטשאַפֿענעס אַזוי װיא מיין קנעכט איוב: 8 אָבער
אַצונד נעמט צו אייך זיבען אָקסען, אונד זיבען װידער, אונד געהט צו מיין קנעכט איוב,
אונד ברענגט זייא אויף אַלס אַ קרבן עולה פֿון אייערט װעגען, אונד מיין קנעכט איוב װעט

אֶשָּׂא לְבִלְתִּי עֲשׂוֹת עִמָּכֶם נְבָלָה כִּי לֹא דִבַּרְתֶּם אֵלַי
9 נְכוֹנָה כְּעַבְדִּי אִיּוֹב׃ וַיֵּלְכוּ אֱלִיפַז הַתֵּימָנִי וּבִלְדַּד הַשּׁוּחִי
צֹפַר הַנַּעֲמָתִי וַיַּעֲשׂוּ כַּאֲשֶׁר דִּבֶּר אֲלֵיהֶם יְהוָה וַיִּשָּׂא
י יְהוָה אֶת־פְּנֵי אִיּוֹב׃ וַיהוָה שָׁב אֶת־שְׁבִית אִיּוֹב בְּהִתְפַּלְלוֹ
בְּעַד רֵעֵהוּ וַיֹּסֶף יְהוָה אֶת־כָּל־אֲשֶׁר לְאִיּוֹב לְמִשְׁנֶה׃
11 וַיָּבֹאוּ אֵלָיו כָּל־אֶחָיו וְכָל־אַחְיֹתָיו וְכָל־יֹדְעָיו לְפָנִים
וַיֹּאכְלוּ עִמּוֹ לֶחֶם בְּבֵיתוֹ וַיָּנֻדוּ לוֹ וַיְנַחֲמוּ אֹתוֹ עַל כָּל־
הָרָעָה אֲשֶׁר־הֵבִיא יְהוָה עָלָיו וַיִּתְּנוּ־לוֹ אִישׁ קְשִׂיטָה אֶחָת
12 וְאִישׁ נֶזֶם זָהָב אֶחָד׃ וַיהוָה בֵּרַךְ אֶת־אַחֲרִית אִיּוֹב
מֵרֵאשִׁתוֹ וַיְהִי־לוֹ אַרְבָּעָה עָשָׂר אֶלֶף צֹאן וְשֵׁשֶׁת אֲלָפִים
13 גְּמַלִּים וְאֶלֶף צֶמֶד בָּקָר וְאֶלֶף אֲתוֹנוֹת׃ וַיְהִי־לוֹ שִׁבְעָנָה
14 בָנִים וְשָׁלוֹשׁ בָּנוֹת׃ וַיִּקְרָא שֵׁם־הָאַחַת יְמִימָה וְשֵׁם
טו הַשֵּׁנִית קְצִיעָה וְשֵׁם הַשְּׁלִישִׁית קֶרֶן הַפּוּךְ׃ וְלֹא נִמְצָא
נָשִׁים יָפוֹת כִּבְנוֹת אִיּוֹב בְּכָל־הָאָרֶץ וַיִּתֵּן לָהֶם אֲבִיהֶם
16 נַחֲלָה בְּתוֹךְ אֲחֵיהֶם׃ וַיְחִי אִיּוֹב אַחֲרֵי־זֹאת מֵאָה וְאַרְבָּעִים
17 שָׁנָה וַיַּרְא אֶת־בָּנָיו וְאֶת־בְּנֵי בָנָיו אַרְבָּעָה דֹּרוֹת׃ וַיָּמָת
אִיּוֹב זָקֵן וּשְׂבַע יָמִים׃

## חזק

סכום פסוקי איוב אלף ושבעים. וסימנו תליתי להם עתרת שלום ואמת. וחציו אשר קמטו ולא עת. וסדריו שמונה. וסימנו אהב ה' שערי ציון:

פאר אייערע וועגען בעטען, וואָרין זיין פנים וועל איך אויפנעמען, כדי איך זאָל ניט צו אייך טהון נאָך אייערע נארישקייט, וואָרין איהר האָט ניט גערעדט פון מיר רעכטשאפענעס אזוי וויא מיין קנעכט איוב: 9 אזוי זענען אליפז התימני אונד בלדד השוחי, אונד צופר הנעמתי אהינגעגאנגען, אונד זייא האָבען געטהון אזוי וויא גאָט האָט צו זייא גערעדט, אונד גאָט האָט אָנגענומען דאָס פנים פון איוב: 10 אונד גאָט האָט צוריקגעקעהרט דיא געפאנגענשאפט פון איוב, ווען ער האָט געבעטען פאר זיינע פריינד; אונד גאָט האָט פערמעהרט צו איוב אלעס צווייא מאָל אזוי פיל: 11 אונד אלע זיינע ברידער אונד אלע זיינע שוועסטערן, אונד אלע זיינע בעקאנטע פון פריהער זענען צו איהם געקומען, אונד זייא האָבען מיט איהם ברויט געגעסען אין זיין הויז, אונד זייא האָבען איהם בעקלאָגט, אונד זייא האָבען איהם אויך געטרייסט וועגען דעם אלעם שלעכטען וואָס גאָט האָט איבער איהם געלאָזט ברענגען, אונד איטליכער האָט איהם געגעבען א קשיטה, אונד איטליכער א גאָלדענעם נאָזרינג: 12 אונד גאָט האָט געבענשט דעם סוף פון איוב מעהר וויא זיין אָנפאנג, אונד ער האָט געהאט פירצעהן טויזענד שאָף, אונד זעקס טויזענד קעמעל, אונד איין טויזענד יאָך אָקסען, אונד איין טויזענד עזעל: 13 ער האָט אויך געהאט זיבען זיהן אונד דרייא טעכטער: 14 אונד ער האָט גערופען דעם נאָמען פון דער ערשטער ימימה, אונד דיא צווייטע קציעה, אונד דיא דריטע קרן הפוך: 15 אין דעם גאנצען לאנד זענען ניט געפונען געוואָרען זאָלכע שעהנע פרויען וויא דיא טעכטער פון איוב, אונד זייער פאָטער האָט צו זייא געגעבען א נחלה צווישען זייערע ברידער: 16 אונד נאָך דעם דאָזיגען האָט איוב געלעבט הונדערט אונד פירציג יאָהר, אונד ער האָט געזעהען זיינע קינדער, אונד זיינע קינדער'ס קינדער, אפילו ביז פיער דורות; 17 אונד איוב איז געשטאָרבען אלטערהייט אונד זאט פון טעג:

## חזק

---

אַלע פסוקים פֿון איוב זענען איין טויזענד אונד זיבעציג, אונד דיא העלפֿט דערפֿון איז קאפיטעל כ"ב ט"ז; אונד עס האט אים גאנצען צווייא אונד פֿירציג קאפיטעל.

# שיר השירים

שִׁיר הַשִּׁירִים אֲשֶׁר לִשְׁלֹמֹה: יִשָּׁקֵנִי מִנְּשִׁיקוֹת פִּיהוּ כִּי־ א 2
טוֹבִים דֹּדֶיךָ מִיָּיִן: לְרֵיחַ שְׁמָנֶיךָ טוֹבִים שֶׁמֶן תּוּרַק שְׁמֶךָ 3
עַל־כֵּן עֲלָמוֹת אֲהֵבוּךָ: מָשְׁכֵנִי אַחֲרֶיךָ נָּרוּצָה הֱבִיאַנִי 4
הַמֶּלֶךְ חֲדָרָיו נָגִילָה וְנִשְׂמְחָה בָּךְ נַזְכִּירָה דֹדֶיךָ מִיַּיִן
מֵישָׁרִים אֲהֵבוּךָ: שְׁחוֹרָה אֲנִי וְנָאוָה בְּנוֹת יְרוּשָׁלָםִ ה
כְּאָהֳלֵי קֵדָר כִּירִיעוֹת שְׁלֹמֹה: אַל־תִּרְאוּנִי שֶׁאֲנִי שְׁחַרְחֹרֶת 6
שֶׁשֱּׁזָפַתְנִי הַשָּׁמֶשׁ בְּנֵי אִמִּי נִחֲרוּ־בִי שָׂמֻנִי נֹטֵרָה אֶת־
הַכְּרָמִים כַּרְמִי שֶׁלִּי לֹא נָטָרְתִּי: הַגִּידָה לִּי שֶׁאָהֲבָה 7
נַפְשִׁי אֵיכָה תִרְעֶה אֵיכָה תַּרְבִּיץ בַּצָּהֳרָיִם שַׁלָּמָה אֶהְיֶה
כְּעֹטְיָה עַל עֶדְרֵי חֲבֵרֶיךָ: אִם־לֹא תֵדְעִי לָךְ הַיָּפָה בַּנָּשִׁים 8
צְאִי־לָךְ בְּעִקְבֵי הַצֹּאן וּרְעִי אֶת־גְּדִיֹּתַיִךְ עַל מִשְׁכְּנוֹת
הָרֹעִים: לְסֻסָתִי בְּרִכְבֵי פַרְעֹה דִּמִּיתִיךְ רַעְיָתִי: נָאווּ 9 10
לְחָיַיִךְ בַּתֹּרִים צַוָּארֵךְ בַּחֲרוּזִים: תּוֹרֵי זָהָב נַעֲשֶׂה־לָּךְ 11
עִם נְקֻדּוֹת הַכָּסֶף: עַד־שֶׁהַמֶּלֶךְ בִּמְסִבּוֹ נִרְדִּי נָתַן רֵיחוֹ: 12
צְרוֹר הַמֹּר ׀ דּוֹדִי לִי בֵּין שָׁדַי יָלִין: אֶשְׁכֹּל הַכֹּפֶר ׀ דּוֹדִי 13 14
לִי בְּכַרְמֵי עֵין גֶּדִי: הִנָּךְ יָפָה רַעְיָתִי הִנָּךְ יָפָה עֵינַיִךְ יוֹנִים: טו
הִנְּךָ יָפֶה דוֹדִי אַף נָעִים אַף־עַרְשֵׂנוּ רַעֲנָנָה: קֹרוֹת בָּתֵּינוּ 16 17
אֲרָזִים רַהִיטֵנוּ בְּרוֹתִים:

ב

אֲנִי חֲבַצֶּלֶת הַשָּׁרוֹן שׁוֹשַׁנַּת הָעֲמָקִים: כְּשׁוֹשַׁנָּה בֵּין ב א 2

1 אַ גֶעזַאנג אִיבֶּער אַלֶע גֶעזֶענג פוּן שְׁלֹמֹה: 2 אָ, דָאס עֶר זָאלְט מִיךְ קִישֶׁען מִיט דֶעם קוּשׁ פוּן זַיין מוֹיל, וָוארִין דַיינֶע פְרַיינְדְשַׁאפְט אִיז בֶּעסֶער ווִיא ווַיין: 3 פוּן וָועגֶען דֶעם גֶעשְׁמַאק פוּן דַיינֶע גוּטֶע עֶהְלֶע, דַיין נָאמֶען אִיז גְלַייךְ אַזוֹי ווִיא אוֹיסְגֶעגָאסֶענֶער עֶהְל, דָארוּם טְהוּן דִיךְ דִיא יוּנְגְפְרוֹיעֶן לִיבֶּען: 4 צִיה מִיךְ, אַזוֹי וָועלֶען מִיר דִיר נָאכְלוֹיפֶען, דֶער מֶלֶךְ הָאט מִיךְ אַרַיינְגֶעבְּרֶענְגְט אִין זַיינֶע קַאמֶערְן, מִיר וָועלֶען זִיךְ פְרַייעֶן אוּנְד אִין דִיר פְרֶעהְלִיךְ זַיין, מִיר גֶעדֶענְקֶען דַיינֶע פְרַיינְדְשַׁאפְט מֶעהְר ווִיא ווַיין, דִיא אוֹיפְרִיכְטִיגֶע לִיבֶּען דִיךְ: 5 אִיךְ בִּין שְׁוַוארְץ, אָבֶּער אִיךְ בִּין דָאךְ לִיבְּלִיךְ, אָ אִיהְר טֶעכְטֶער פוּן יְרוּשָׁלַיִם, בֶּייא דִיא גֶעצֶעלְטֶען פוּן קֵדָר אַזוֹי ווִיא דִיא פָארְהַאנְגֶען פוּן שְׁלֹמֹה: 6 אִיהְר זָאלְט מִיךְ נִיט אָנְזֶעהֶען ווַייל אִיךְ בִּין שְׁוַוארְץ, וָוארִין דִיא זוּן הָאט מִיךְ פֶערְבְּרֶענְט, מֵיינֶע מוּטֶער'ס קִינְדֶער זֶענֶען אִיבֶּער מִיר עֶרְגֶערְלִיךְ גֶעוֶועזֶען, זֵייא הָאבֶּען מִיךְ גֶעמַאכְט פַּאר אַ הִיטֶער צוּ דִיא ווַיינְגֶערְטֶען, אָבֶּער מֵיין אֵייגֶענֶעם ווַיינְגָארְטֶען הָאבּ אִיךְ נִיט גֶעהִיט: 7 זָאג מִיר דָאךְ, אָ דוּא, וָועמֶען אִיךְ הָאבּ לִיבּ, אַווּאוּ דוּא טְהוּסְט דִיךְ ווַיידֶען, אַווּאוּ דוּא מַאכְסְט רוּהֶען דַיינֶע סְטַאדֶע אַם מִיטָאג? פַארְוָואס זָאל אִיךְ דֶען זַיין אַזוֹי ווִיא אֵיינֶע וָואס קֶעהְרְט זִיךְ אָפּ אָן דֶער זֵייט פוּן דַיינֶע חֲבֵרִים, דִיא פַּאסְטוּכֶער? 8 וָוען דוּא ווֵייסְט עֶס נִיט, אָ דוּא שֶׁעהְנְסְטֶע צְווִישֶׁען דִיא ווַייבֶּער, אַזוֹי גֶעה דָאךְ אַרוֹיס, בֶּייא דִיא פוּס־שְׁרִיט פוּן דִיא שָׁאף, אוּנְד ווַייד דַיינֶע צִיגֶעלֶעךְ בֶּייא דִיא רוּהֶעגַנְג פוּן דִיא אַנְדֶערֶע פַּאסְטוּכֶער: 9 אִיךְ הָאבּ דִיךְ פֶערְגְלִיכֶען צוּ מֵיינֶע פֶערְד אִין דֶעם רֵייטְוָואגֶען פוּן פַּרְעֹה, מֵיינֶע גֶעלִיבְּטֶע! 10 דַיינֶע בַּאקֶען אוּנְד דַיין הַאלְז זֶענֶען לִיבְּלִיךְ מִיט שְׁנִירֶען פוּן פֶּערֶעל אוּנְד גָאלְדֶענֶע קֶעטֶען: 11 מִיר וָועלֶען דִיר מַאכֶען קֶעטֶעלֶעךְ פוּן גָאלְד מִיט פִּינְטֶעלֶעךְ פוּן זִילְבֶּער: 12 אַזוֹי לַאנְג ווִיא דֶער מֶלֶךְ זִיצְט בֶּייא זַיין טִישׁ, הָאט מֵיין בֶּעוֶוערְץ גֶעגֶעבֶּען זַיין גוּטֶען רֵיחַ: 13 אַ בִּינְדֶעל פוּן מוֹר אִיז מֵיין פִיל־גֶעלִיבְּטֶער צוּ מִיר, עֶר וָועט אִיבֶּערְנֶעכְטִיגֶען צְווִישֶׁען מֵיינֶע בְּרִיסְטֶען: 14 אַזוֹי ווִיא אַ הֶענְגֶעל פוּן קַאנְפֶער אִיז מֵיין פִיל־גֶעלִיבְּטֶער צוּ מִיר, אִין דִיא ווַיינְגֶערְטֶען פוּן עֵין גֶדִי: 15 זֶעה, דוּא בִּיזְט שֶׁעהְן, מֵיינֶע גֶעלִיבְּטֶע, זֶעה, דוּא בִּיזְט שֶׁעהְן, דוּא הָאסְט טוֹיבֶּען־אוֹיגֶען: 16 זֶעה, דוּא בִּיזְט שֶׁעהְן, מֵיין פִיל־גֶעלִיבְּטֶער, יוֹא, דוּא בִּיזְט לִיבְּלִיךְ, אוֹיךְ אִיז אוּנְזֶער בֶּעט גְרִין: 17 דִיא בַּאלְקֶען פוּן אוּנְזֶער הוֹיז זֶענֶען פוּן צֶעדֶער־הָאלְץ, אוּנְד אוּנְזֶערֶע בְּרֶעטֶער זֶענֶען פוּן בּוּקְסֶען־בֵּיימֶער:

## קאפיטעל ב

1 אִיךְ בִּין דִיא רוֹיז פוּן שָׁרוֹן, אוּנְד דִיא ווַייסֶע בְּלוּם פוּן דֶעם טִיפֶען טָאהְל: 2 אַזוֹי ווִיא אַ

רויז

3 הַחוֹחִים כֵּן רַעְיָתִי בֵּין הַבָּנוֹת׃ כְּתַפּוּחַ בַּעֲצֵי הַיַּעַר כֵּן
דּוֹדִי בֵּין הַבָּנִים בְּצִלּוֹ חִמַּדְתִּי וְיָשַׁבְתִּי וּפִרְיוֹ מָתוֹק לְחִכִּי׃
4 ה הֱבִיאַנִי אֶל־בֵּית הַיָּיִן וְדִגְלוֹ עָלַי אַהֲבָה׃ סַמְּכוּנִי בָּאֲשִׁישׁוֹת
רַפְּדוּנִי בַּתַּפּוּחִים כִּי־חוֹלַת אַהֲבָה אָנִי׃ שְׂמֹאלוֹ תַּחַת
6 7 לְרֹאשִׁי וִימִינוֹ תְּחַבְּקֵנִי׃ הִשְׁבַּעְתִּי אֶתְכֶם בְּנוֹת יְרוּשָׁלִַם
בִּצְבָאוֹת אוֹ בְּאַיְלוֹת הַשָּׂדֶה אִם־תָּעִירוּ ׀ וְאִם־תְּעוֹרְרוּ
8 אֶת־הָאַהֲבָה עַד שֶׁתֶּחְפָּץ׃ קוֹל דּוֹדִי הִנֵּה־זֶה בָּא מְדַלֵּג
9 עַל־הֶהָרִים מְקַפֵּץ עַל־הַגְּבָעוֹת׃ דּוֹמֶה דוֹדִי לִצְבִי אוֹ
לְעֹפֶר הָאַיָּלִים הִנֵּה־זֶה עוֹמֵד אַחַר כָּתְלֵנוּ מַשְׁגִּיחַ מִן
י הַחַלֹּנוֹת מֵצִיץ מִן־הַחֲרַכִּים׃ עָנָה דוֹדִי וְאָמַר לִי קוּמִי
11 לָךְ רַעְיָתִי יָפָתִי וּלְכִי־לָךְ׃ כִּי־הִנֵּה הַסְּתָו עָבָר הַגֶּשֶׁם
12 חָלַף הָלַךְ לוֹ׃ הַנִּצָּנִים נִרְאוּ בָאָרֶץ עֵת הַזָּמִיר הִגִּיעַ וְקוֹל
13 הַתּוֹר נִשְׁמַע בְּאַרְצֵנוּ׃ הַתְּאֵנָה חָנְטָה פַגֶּיהָ וְהַגְּפָנִים
14 סְמָדַר נָתְנוּ רֵיחַ קוּמִי לָכִי רַעְיָתִי יָפָתִי וּלְכִי־לָךְ׃ יוֹנָתִי
בְּחַגְוֵי הַסֶּלַע בְּסֵתֶר הַמַּדְרֵגָה הַרְאִינִי אֶת־מַרְאַיִךְ
טו הַשְׁמִיעִנִי אֶת־קוֹלֵךְ כִּי־קוֹלֵךְ עָרֵב וּמַרְאֵיךְ נָאוֶה׃ אֶחֱזוּ
לָנוּ שֻׁעָלִים קְטַנִּים מְחַבְּלִים כְּרָמִים וּכְרָמֵינוּ
16 17 סְמָדַר׃ דּוֹדִי לִי וַאֲנִי לוֹ הָרֹעֶה בַּשּׁוֹשַׁנִּים׃ עַד שֶׁיָּפוּחַ
הַיּוֹם וְנָסוּ הַצְּלָלִים סֹב דְּמֵה־לְךָ דוֹדִי לִצְבִי אוֹ לְעֹפֶר
הָאַיָּלִים עַל־הָרֵי בָתֶר׃

ג ג

א עַל־מִשְׁכָּבִי בַּלֵּילוֹת בִּקַּשְׁתִּי אֵת שֶׁאָהֲבָה נַפְשִׁי בִּקַּשְׁתִּיו
2 וְלֹא מְצָאתִיו׃ אָקוּמָה נָּא וַאֲסוֹבְבָה בָעִיר בַּשְּׁוָקִים
וּבָרְחֹבוֹת אֲבַקְשָׁה אֵת שֶׁאָהֲבָה נַפְשִׁי בִּקַּשְׁתִּיו וְלֹא
3 מְצָאתִיו׃ מְצָאוּנִי הַשֹּׁמְרִים הַסֹּבְבִים בָּעִיר אֵת
4 שֶׁאָהֲבָה נַפְשִׁי רְאִיתֶם׃ כִּמְעַט שֶׁעָבַרְתִּי מֵהֶם עַד
שֶׁמָּצָאתִי אֵת שֶׁאָהֲבָה נַפְשִׁי אֲחַזְתִּיו וְלֹא אַרְפֶּנּוּ עַד־

רויז איז צווישען דיא דערנער, אַזוֹי איז מיינע געליבטע צווישען דיא טעכ־טער: 3 אַזוֹי וויא איין אַפּעלבוים איז צווישען דיא ביימער פון דעם וואלד, אַזוֹי איז מיין געליבטער צווישען דיא זיהן, איך האב מיך אַנידערגעזעצט אין זיין שאטען מיט גרויסע לוסט, אונד זיינע פירות זענען געוועזען זיס צו מיין גוימען: 4 ער האט מיך אַריינגעבּרענגט אין דעם וויין־הויז, אונד זיין פאהן אִי־בער מיר איז געוועזען ליבע: 5 לעהנט מיך אונטער מיט ראזשינקעס, דערקוויקט מיך מיט עפּעל־זאפט, וואָרין איך בין קראנק אוים ליבשאפט: 6 זיינע לינקע האנד איז אונטער מיין קאפּ, אונד זיינע רעכטע האנד האלזט מיך: 7 איך בעשווער אייך, אָ איהר טעכטער פון ירושלים, ביי דיא הערשען, אָדער ביי דיא אינדען פון דעם פעלד, אַז איהר זאָלט אייך ניט דערוועקען אונד איהר זאָלט אויך ניט אויפוועקען דיא ליבע ביז זיא פערלאנגט עס: 8 (איך הער) דאס קול פון מיין געליבטען, זעה, ער קומט, ער שפּרינגט אויף דיא בערג, אונד אויף דיא הייך: 9 מיין געליבטער איז געגליכען צו אַ הירש אָדער צו אַ יונגען הירש, זעה, ער שטעהט הינטער אונזערע וואנד, ער קוקט אַרוים פון דיא פענסטער, ער ווייזט זיך דורך דיא שפּאַלטען: 10 מיין געליבטער האט אָנגעהויבען, אונד צו מיר געזאָגט, שטעה אויף, מיינע געליבטע, מיינע שעהנע, אונד קום אַוועק! 11 וואָ־רין דער ווינטער איז שוין פערביי געגאַנגען, דער רעגען איז געוועזען אונד איז אויך אַוועקגעגאַנגען: 12 דיא בלומען ווערען שוין געזעהען אין דעם לאַנד, דיא צייט פון זינגען פון דיא פעגעל איז אָנגעקומען, אונד דאס קול פון דער טורטעל־טויב ווערט שוין געהערט אין אונזער לאַנד: 13 דער פייגענבוים ברענגט שוין אַרוים זיינע פייגען, אונד דער ווייַנשטאָק האטשע מיט אומצייטיגע טרויבען געבען דאך אַרוים אַ גוטען ריח, שטעה אויף, מיינע געליבטע, מיינע שעהנע, אונד קום אַוועק! 14 אָ מיינע טויב, וואס דו ביזט אין דיא שפּאַלטען פון דעם פעלז, אין דיא בעהאַלטענע שטאַפּעלן, לאָז מיך דאך זעהען דיינע געשטאַלט, לאָז מיך דאך הערען דיין קול, וואָרין דיין קול איז זיס, אונד דיינע געשטאַלט איז זעהר ליבליך! 15 לאָמער דאך האַפּען דיא פיקסעלעך, דיא קליינע פיקסעלעך, וואס פערדאַרבען דיא וויינגערטען, וואָרין אונזערע וויינגערטען בליהען שוין: 16 מיין געליבטער איז מיין, אונד איך בין זיין, ער ווייַדעט זיך צווישען דיא רויזען: 17 ביז דער טאָג ווערט קיהל, אונד דיא שאטען זענען פערלאָפען, קעהר דיך אום, מיין געליבטער, זייא גלייך צו אַ הירש, אָדער צו אַ יונגען הירש, אויף דיא בערג פון בתר:

קאפיטעל ג

1 אויף מיין בעט אַלע נאַכט, האָב איך דעם געזוכט וועם מיינע זעלע האָט ליב, איך האָב איהם געזוכט, אָבער איך האָב איהם ניט געפונען: 2 איך וועל אַצונד אויפשטעהן אונד וועל אומרינגעלן דיא שטאָט, אין דעם מאַרק, אונד אין דיא ברייטע גאַסען, איך וועל דעם זוכען וועם מיינע זעלע ליבט, איך האָב איהם געזוכט אָבער איך האָב איהם ניט געפונען: 3 דיא וועכטער וואס געהען אַרום אין דער שטאָט האָבען מיך געפונען, (איך האָב זייא געפרעגט) האָט איהר דעם געזעהען וועם מיינע זעלע ליבט? 4 איך בין נאָר אַ שטיקעלע פון זייא אַוועקגעגאַנגען, אַזוֹי האָב איך דעם געפונען וועם מיינע זעלע ליבט, איך האָב איהם אָנגעהאַפּט, אונד איך האָב איהם ניט אַוועקגעלאָזט, ביז

איך

שֶׁהֲבֵיאתִיו אֶל־בֵּית אִמִּי וְאֶל־חֶדֶר הוֹרָתִי׃ הִשְׁבַּעְתִּי ה
אֶתְכֶם בְּנוֹת יְרוּשָׁלַםִ בִּצְבָאוֹת אוֹ בְּאַיְלוֹת הַשָּׂדֶה אִם־
תָּעִירוּ׀ וְאִם־תְּעוֹרְרוּ אֶת־הָאַהֲבָה עַד־שֶׁתֶּחְפָּץ׃ מִי זֹאת 6
עֹלָה מִן־הַמִּדְבָּר כְּתִימֲרוֹת עָשָׁן מְקֻטֶּרֶת מוֹר וּלְבוֹנָה מִכֹּל
אַבְקַת רוֹכֵל׃ הִנֵּה מִטָּתוֹ שֶׁלִּשְׁלֹמֹה שִׁשִּׁים גִּבֹּרִים סָבִיב 7
לָהּ מִגִּבֹּרֵי יִשְׂרָאֵל׃ כֻּלָּם אֲחֻזֵי חֶרֶב מְלֻמְּדֵי מִלְחָמָה 8
אִישׁ חַרְבּוֹ עַל־יְרֵכוֹ מִפַּחַד בַּלֵּילוֹת׃ אַפִּרְיוֹן עָשָׂה לוֹ 9
הַמֶּלֶךְ שְׁלֹמֹה מֵעֲצֵי הַלְּבָנוֹן׃ עַמּוּדָיו עָשָׂה כֶסֶף רְפִידָתוֹ י
זָהָב מֶרְכָּבוֹ אַרְגָּמָן תּוֹכוֹ רָצוּף אַהֲבָה מִבְּנוֹת יְרוּשָׁלָםִ׃
צְאֶינָה וּרְאֶינָה בְּנוֹת צִיּוֹן בַּמֶּלֶךְ שְׁלֹמֹה בָּעֲטָרָה שֶׁעִטְּרָה־ 11
לּוֹ אִמּוֹ בְּיוֹם חֲתֻנָּתוֹ וּבְיוֹם שִׂמְחַת לִבּוֹ׃

ד

ד

הִנָּךְ יָפָה רַעְיָתִי הִנָּךְ יָפָה עֵינַיִךְ יוֹנִים מִבַּעַד לְצַמָּתֵךְ א
שַׂעְרֵךְ כְּעֵדֶר הָעִזִּים שֶׁגָּלְשׁוּ מֵהַר גִּלְעָד׃ שִׁנַּיִךְ כְּעֵדֶר 2
הַקְּצוּבוֹת שֶׁעָלוּ מִן־הָרַחְצָה שֶׁכֻּלָּם מַתְאִימוֹת וְשַׁכֻּלָה
אֵין בָּהֶם׃ כְּחוּט הַשָּׁנִי שִׂפְתֹתַיִךְ וּמִדְבָּרֵיךְ נָאוֶה כְּפֶלַח 3
הָרִמּוֹן רַקָּתֵךְ מִבַּעַד לְצַמָּתֵךְ׃ כְּמִגְדַּל דָּוִיד צַוָּארֵךְ בָּנוּי 4
לְתַלְפִּיּוֹת אֶלֶף הַמָּגֵן תָּלוּי עָלָיו כֹּל שִׁלְטֵי הַגִּבֹּרִים׃
שְׁנֵי שָׁדַיִךְ כִּשְׁנֵי עֳפָרִים תְּאוֹמֵי צְבִיָּה הָרוֹעִים בַּשּׁוֹשַׁנִּים׃ ה
עַד שֶׁיָּפוּחַ הַיּוֹם וְנָסוּ הַצְּלָלִים אֵלֶךְ לִי אֶל־הַר הַמּוֹר 6
וְאֶל־גִּבְעַת הַלְּבוֹנָה׃ כֻּלָּךְ יָפָה רַעְיָתִי וּמוּם אֵין בָּךְ׃ אִתִּי 7 8
מִלְּבָנוֹן כַּלָּה אִתִּי מִלְּבָנוֹן תָּבוֹאִי תָּשׁוּרִי׀ מֵרֹאשׁ אֲמָנָה
מֵרֹאשׁ שְׂנִיר וְחֶרְמוֹן מִמְּעֹנוֹת אֲרָיוֹת מֵהַרְרֵי נְמֵרִים׃
לִבַּבְתִּנִי אֲחֹתִי כַלָּה לִבַּבְתִּינִי בְּאַחַד מֵעֵינַיִךְ בְּאַחַד עֲנָק 9
מִצַּוְּרֹנָיִךְ׃ מַה־יָּפוּ דֹדַיִךְ אֲחֹתִי כַלָּה מַה־טֹּבוּ דֹדַיִךְ מִיַּיִן י
וְרֵיחַ שְׁמָנַיִךְ מִכָּל־בְּשָׂמִים׃ נֹפֶת תִּטֹּפְנָה שִׂפְתוֹתַיִךְ כַּלָּה 11
דְּבַשׁ וְחָלָב תַּחַת לְשׁוֹנֵךְ וְרֵיחַ שַׂלְמֹתַיִךְ כְּרֵיחַ לְבָנוֹן׃

אִיךְ הָאבּ אִיהְם גֶעבְּרֶענְגְט צוּ דֶעם הוֹיז פוּן מֵיינֶע מוּטֶער, אוּנְד אִין דִיא קַאמֶער אַרַיין פוּן דִיא וָואס הָאט מִיט מִיר גֶעטְרָאגֶען: 5 אִיךְ בֶּעשְׁוֶוער אֵייךְ, אָ אִיהְר טֶעכְטֶער פוּן יְרוּשָׁלַיִם, בֵּייא דִיא הִירְשֶׁען אָדֶער בֵּייא דִיא אִינְדֶען פוּן דֶעם פֶעלְד, אַז אִיהְר זָאלְט אֵייךְ נִיט דֶערְוֶועקֶען, אוּנְד אִיהְר זָאלְט אוֹיךְ נִיט אוֹיפְוֶועקֶען דִיא לִיבֶּע בִּיז זִיא פֶערְלַאנְגְט עֶס: 6 וֶוער אִיז דִיא דָאזִיגֶע וָואס גֶעהְט אַרוֹיף פוּן דֶער מִדְבָּר אַזוֹי וִויא רוֹיךְ־זֵיילֶען, וָואס דֶעמְפְּפְט גֶעוֶוערְץ אוּנְד ווֵיירוֹיךְ, מִיט גֶעוֶוערְץ שְׁטוֹיבּ פוּן אֵיין אַפָּאטֶעקֶער? 7 זֶעה, זֵיין בֶּעט אִיז שְׁלֹמֹה׳ס, זֶעכְצִיג שְׁטַארְקֶע הֶעלְדֶען פוּן דִיא גִבּוֹרִים פוּן יִשְׂרָאֵל אוּמְרִינְגֶעלְן עֶס: 8 זֵייא אַלֶע הַאלְטֶען אַ שְׁוֶוערְד, זֵייא זֶענֶען גֶעלֶערְנְט אִין דֶער מִלְחָמָה, אִיטְ־לִיכֶער הָאט זֵיין שְׁוֶוערְד אוֹיף זֵיין דִיכְט, וֶועגֶען דֶער פָארְכְט בֵּייא נַאכְט: 9 דֶער מֶלֶךְ שְׁלֹמֹה הָאט זִיךְ גֶעמַאכְט אַ טְרָאגְ־שְׁטוּל (אָדֶער אַ בֶּעט) פוּן דֶעם הָאלְץ אוֹיס לְבָנוֹן: 10 דִיא זֵיילֶען דֶערְפוּן הָאט עֶר גֶעמַאכְט אוֹיס זִילְבֶּער, דִיא אוּנְטֶערְשְׁטֶע זֵייטֶען אוֹיס גָאלְד, דָאס גֶעזֶעס פוּן פּוּרְפּוּר, דָאס אִינֶעוֶוענִיגְסְטֶע אִיז גֶעוֶועזֶען גֶעפְלַאסְטֶערְט דוּרְךְ לִיבְּשַׁאפְט פוּן דִיא טֶעכְטֶער פוּן יְרוּשָׁלַיִם: 11 גֶעהְט אַרוֹיס, אָ אִיהְר טֶעכְטֶער פוּן צִיוֹן, אוּנְד זֶעהְט דֶעם קֶענִיג שְׁלֹמֹה, מִיט דִיא קְרוֹין מִיט וֶועלְכֶע זֵיינֶע מוּטֶער הָאט אִיהְם גֶעקְרֶענְט אִין דֶעם טָאג פוּן זֵיינֶע חַתּוּנָה, אוּנְד אִין דֶעם טָאג פוּן דִיא פְרֵייד פוּן זֵיין הַארְץ:

## קאפיטעל ד

1 זֶעה, דוּא בִּיזְט שֶׁעהְן מֵיינֶע גֶעלִיבְּטֶע! זֶעה, דוּא בִּיזְט שֶׁעהְן, דוּא הָאסְט טוֹיבֶּען־אוֹיגֶען אִינְ־גֶעוֶועוִיג פוּן דֵיינֶע לָאקֶען, דֵיינֶע הָאָר זֶענֶען אַזוֹי וִויא אַ סְטַאדֶע פוּן צִיגֶען וָואס קוּמֶען אָן פוּן דֶעם בַּארְג גִלְעָד: 2 דֵיינֶע צֵיין זֶענֶען אַזוֹי וִויא אַ סְטַאדֶע אָפְּגֶעשׁוֹירֶענֶע שָׁאף וָואס קוּמֶען אַרוֹיף פוּן דֶעם וַואשֶׁען, וָואס אִיטְלִיכֶעס גֶעווִינְט צְווִילִינְגֶע, אוּנְד עֶס אִיז קֵיינֶע פֶערְ־וַוארְפוּנְג נִיט אִין זֵייא: 3 דֵיינֶע לִיפֶּען זֶענֶען אַזוֹי וִויא אַ רוֹיטֶער פָאדֶעם אוּנְד דֵיינֶע וֶוערְטֶער זֶענֶען לִיבְּלִיךְ, דֵיין שְׁלֵייף אִיז אַזוֹי וִויא אַ הַאלְבֶּער מִילְגְרוֹים אִינֶעוֶוענִיג פוּן דֵיינֶע לָאקֶען: 4 דֵיין הַאלְז אִיז אַזוֹי וִויא דֶער טוּרֶעם פוּן דָוִד, וָואס אִיז אוֹיפְגֶעבּוֹיעֶט כְּדֵי דַארוֹיף אוֹיפְצוּהֶענְגֶען דִיא שְׁוֶוערְד אוּנְד טוֹיזֶענְדֶער פוּן שִׁילְדֶען, אַלֶע שִׁילְדֶען פוּן דִיא גִבּוֹרִים: 5 דֵיינֶע צְוֵוייא בְּרִיסְטֶען זֶענֶען אַזוֹי וִויא צְוֵוייא יוּנְגֶע הִירְשֶׁען וָואס זֶענֶען צְווִילִינְגֶע, וָואס פַּאשֶׁען זִיךְ צְווִישֶׁען דִיא רוֹיזֶען: 6 בִּיז דֶער טָאג וֶוערְט קִיהְל, אוּנְד דִיא שָׁאטֶען זֶענֶען פֶערְלָאפֶען, אִיךְ וֶועל אַהִינְגֶעהְן צוּ דֶעם בַּארְג מוֹר, אוּנְד צוּ דֶער הֵייךְ פוּן לְבוֹנָה (וֵויירוֹיךְ): 7 דוּא בִּיזְט גַאנְץ שֶׁעהְן מֵיינֶע גֶעלִיבְּטֶע, אוּנְד עֶס אִיז קֵיין פֶעהְלֶער אִין דִיר: 8 (קוּם) מִיט מִיר פוּן לְבָנוֹן מֵיינֶע כַּלָּה, קוּם מִיט מִיר פוּן לְבָנוֹן, דוּא וֶועסְט אַרוּפְּקוּקֶען פוּן דֶער שְׁפִּיץ פוּן אֲמָנָה, פוּן דֶער שְׁפִּיץ פוּן שְׂנִיר אוּנְד חֶרְמוֹן, פוּן דִיא וְואוֹינוּנְגֶען פוּן דִיא לֵייבֶּען, פוּן דִיא בֶּערְג פוּן דִיא לֶעמְפֶּערְטְס: 9 דוּא הָאסְט מִיךְ גֶעהַארְצְט, מֵיינֶע שְׁוֶועסְטֶער, מֵיינֶע כַּלָּה, דוּא הָאסְט גֶעהַארְצְט מִיט אֵיינֶעם פוּן דֵיינֶע אוֹיגֶען, מִיט אַ קֶעט פוּן דֵיין הַאלְז: 10 אָ וִויא שֶׁעהְן אִיז דֵיינֶע לִיבֶּע, מֵיינֶע שְׁוֶועסְטֶער, מֵיינֶע כַּלָּה! אָ וִויא פִיל בֶּעסֶער אִיז דֵיינֶע לִיבֶּע וִויא ווַיין! אוּנְד דֶער רֵיחַ פוּן דֵיינֶע גוּטֶע עֶהְלֶען מֶעהְר וִויא אַלֶע בְּשָׂמִים: 11 דֵיינֶע לִיפֶּען, מֵיינֶע כַּלָּה, טְרִיפֶען זִיסְקֵייט, הָאנִיג אוּנְד מִילְךְ זֶענֶען אוּנְטֶער דֵיינֶע צוּנְג, אוּנְד דֶער רֵיחַ פוּן דֵיינֶע קְלֵיידֶער אִיז אַזוֹי וִויא דֶער רֵיחַ פוּן לְבָנוֹן: 12 אַ פֶערְשְׁלָאסֶענֶער גָארְטֶען אִיז

מֵיינֶע

12 13 גַּן ׀ נָעוּל אֲחֹתִי כַלָּה גַּל ׀ נָעוּל מַעְיָן חָתוּם׃ שְׁלָחַיִךְ
14 פַּרְדֵּס רִמּוֹנִים עִם פְּרִי מְגָדִים כְּפָרִים עִם־נְרָדִים׃ נֵרְדְּ ׀
וְכַרְכֹּם קָנֶה וְקִנָּמוֹן עִם כָּל־עֲצֵי לְבוֹנָה מֹר וַאֲהָלוֹת עִם
טו כָּל־רָאשֵׁי בְשָׂמִים׃ מַעְיַן גַּנִּים בְּאֵר מַיִם חַיִּים וְנֹזְלִים
16 מִן־לְבָנוֹן׃ עוּרִי צָפוֹן וּבוֹאִי תֵימָן הָפִיחִי גַנִּי יִזְּלוּ בְשָׂמָיו
יָבֹא דוֹדִי לְגַנּוֹ וְיֹאכַל פְּרִי מְגָדָיו׃

ה

א בָּאתִי לְגַנִּי אֲחֹתִי כַלָּה אָרִיתִי מוֹרִי עִם־בְּשָׂמִי אָכַלְתִּי
יַעְרִי עִם־דִּבְשִׁי שָׁתִיתִי יֵינִי עִם־חֲלָבִי אִכְלוּ רֵעִים שְׁתוּ
2 וְשִׁכְרוּ דּוֹדִים׃ אֲנִי יְשֵׁנָה וְלִבִּי עֵר קוֹל ׀ דּוֹדִי דוֹפֵק
פִּתְחִי־לִי אֲחֹתִי רַעְיָתִי יוֹנָתִי תַמָּתִי שֶׁרֹּאשִׁי נִמְלָא־טָל
3 קְוֻצּוֹתַי רְסִיסֵי לָיְלָה׃ פָּשַׁטְתִּי אֶת־כֻּתָּנְתִּי אֵיכָכָה אֶלְבָּשֶׁנָּה
4 רָחַצְתִּי אֶת־רַגְלַי אֵיכָכָה אֲטַנְּפֵם׃ דּוֹדִי שָׁלַח יָדוֹ מִן־
ה הַחוֹר וּמֵעַי הָמוּ עָלָיו׃ קַמְתִּי אֲנִי לִפְתֹּחַ לְדוֹדִי וְיָדַי
6 נָטְפוּ־מוֹר וְאֶצְבְּעֹתַי מוֹר עֹבֵר עַל כַּפּוֹת הַמַּנְעוּל׃ פָּתַחְתִּי
אֲנִי לְדוֹדִי וְדוֹדִי חָמַק עָבָר נַפְשִׁי יָצְאָה בְדַבְּרוֹ בִּקַּשְׁתִּיהוּ
7 וְלֹא מְצָאתִיהוּ קְרָאתִיו וְלֹא עָנָנִי׃ מְצָאֻנִי הַשֹּׁמְרִים
הַסֹּבְבִים בָּעִיר הִכּוּנִי פְצָעוּנִי נָשְׂאוּ אֶת־רְדִידִי מֵעָלַי
8 שֹׁמְרֵי הַחֹמוֹת׃ הִשְׁבַּעְתִּי אֶתְכֶם בְּנוֹת יְרוּשָׁלָם אִם־
9 תִּמְצְאוּ אֶת־דּוֹדִי מַה־תַּגִּידוּ לוֹ שֶׁחוֹלַת אַהֲבָה אָנִי׃ מַה־
דּוֹדֵךְ מִדּוֹד הַיָּפָה בַּנָּשִׁים מַה־דּוֹדֵךְ מִדּוֹד שֶׁכָּכָה
11 הִשְׁבַּעְתָּנוּ׃ דּוֹדִי צַח וְאָדוֹם דָּגוּל מֵרְבָבָה׃ רֹאשׁוֹ כֶּתֶם
12 פָּז קְוֻצּוֹתָיו תַּלְתַּלִּים שְׁחֹרוֹת כָּעוֹרֵב׃ עֵינָיו כְּיוֹנִים עַל־
13 אֲפִיקֵי מָיִם רֹחֲצוֹת בֶּחָלָב יֹשְׁבוֹת עַל־מִלֵּאת׃ לְחָיָו
כַּעֲרוּגַת הַבֹּשֶׂם מִגְדְּלוֹת מֶרְקָחִים שִׂפְתוֹתָיו שׁוֹשַׁנִּים
14 נֹטְפוֹת מוֹר עֹבֵר׃ יָדָיו גְּלִילֵי זָהָב מְמֻלָּאִים בַּתַּרְשִׁישׁ
טו מֵעָיו עֶשֶׁת שֵׁן מְעֻלֶּפֶת סַפִּירִים׃ שׁוֹקָיו עַמּוּדֵי שֵׁשׁ

מֵיינֶע שְׁוֶועסְטֶער, מֵיינֶע כַּלָּה, אַ פֶערְשְׁלָאסֶענֶער קְוַואל, אַ פֶערְחַתְמֶעטֶ'ר קְוַואל־בְּרוּנֶען: 13 דֵיינֶע פְּלַאנְצֶען זֶענֶען אַזוֹי וִויא אַ לוּסְט־גָארְטֶען מִיט מִילְגְרוֹימֶען, מִיט זִיסֶע פֵּירוֹת, מִיט קַאנְפֶער אוּנְד מִיט גֶעוִוירְץ: 14 טֵייעֶרֶע גֶעוִוירְץ אוּנְד זַאפֶערְן, קַאלְמוּס אוּנְד צִימֶערוּנְד, מִיט אַלֶערְלֵייא בֵּיימֶער פוּן וֵויירוֹיךְ, מוֹר אוּנְד אַלָאעֶן, אוּנְד מִיט אַלֶערְלֵייא טֵייעֶרֶע בְּשָׂמִים: 15 (דוּא בִּיזְט) אַ גָארְטֶען־קְוַואל, אַ בְּרוּנֶען פוּן לֶעבֶּעדִיג וַואסֶער, וָואס רִינֶען פוּן דֶעם לְבָנוֹן: 16 דֶערְוֶועק דִיךְ, דוּא צָפוֹן־ווִינְד, אוּנְד קוּם דוּא דָרוֹם־ווִינְד, אוּנְד בְּלָאז אִיבֶּער מֵיין גָארְטֶען, כְּדֵי זֵיינֶע גֶעוִוירְצֶען זָאלֶען רִינֶען, לָאז מֵיין גֶעלִיבְּטֶער קוּמֶען צוּ זֵיין גָארְטֶען, אוּנְד לָאז עֶר עֶסֶען פוּן זֵיינֶע טֵייעֶרֶע (זִיסֶע) פֵּירוֹת:

קאפיטעל ה

1 אִיךְ בִּין אַרֵיינְגֶעקוּמֶען צוּ מֵיין גָארְטֶען, מֵיינֶע שְׁוֶועסְטֶער, מֵיינֶע כַּלָּה, אִיךְ הָאבּ אָפְּגֶעפְּלִיקְט מֵיין מוֹר, מִיט מֵיין גֶעוִוירְץ, אִיךְ הָאבּ גֶעגֶעסֶען מֵיין רֵיינֶעם הָאנִיג מִיט מֵיין ווִילְדֶען הָאנִיג, אִיךְ הָאבּ גֶעטְרוּנְקֶען מֵיין וויין מִיט מֵיינֶע מִילְךְ; עֶסְט אוּנְד טְרִינְקְט, מֵיינֶע לִיבֶּע פְרֵיינְדֶע, יוֹא, טְרִינְקְט אוּנְד ווערְט בֶּעטְרוּנְקֶען פוּן וֶועגֶען דִיא לִיבְּשַׁאפְט: 2 אִיךְ שְׁלָאף אָבֶּער מֵיין הַארְץ הָאט גֶעוַואכְט, עֶס אִיז דָאס קוֹל פוּן מֵיין גֶעלִיבְּטֶען, עֶר קְלַאפְּט אָן, מַאךְ מִיר אוֹיף, מֵיינֶע שְׁוֶועסְטֶער, מֵיינֶע גֶעלִיבְּטֶע, מֵיינֶע טוֹיבּ, מֵיינֶע גַאנְצֶע, ווָארִין מֵיין קָאפּ אִיז אַנְגֶעפִילְט מִיט טוֹיא, אוּנְד מֵיינֶע לָאקֶען מִיט דִיא טְרָאפֶּען פוּן דֶער נַאכְט: 3 אִיךְ הָאבּ אוֹיסְגֶעצוֹיגֶען מֵיין קְלֵייד, ווִיא זָאל אִיךְ מִיךְ ווִידֶער אָנְקְלֵיידֶען? אִיךְ הָאבּ גֶעוַואשֶׁען מֵיינֶע פִיס, ווִיא זָאל אִיךְ זֵייא ווִידֶער אֵיינְרִיכְטֶען? 4 מֵיין גֶעלִיבְּטֶער הָאט אוֹיסְגֶעשְׁטְרֶעקְט זֵיינֶע הַאנְד דוּרְךְ דֶעם פֶענְסְטֶער, אוּנְד מֵיינֶע גֶעדֶערְם הָאבֶּען גֶעבְּרוּמְט אִין מִיר: 5 אִיךְ בִּין אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען צוּ מֵיין גֶעלִיבְּטֶען אוֹיפְצוּמַאכֶען, אוּנְד מֵיינֶע הֶענְד הָאבֶּען גֶעטְרִיפְט מִיט מוֹר, אוּנְד מֵיינֶע פִינְגֶער מִיט זִיסֶע גֶעשְׁמַאקֶע גֶעוֶועךְצֶען אוֹיף דִיא זֵייטֶען פוּן דֶעם שְׁלָאס: 6 אִיךְ הָאבּ אוֹיפְגֶעמַאכְט צוּ מֵיין גֶעלִיבְּטֶען, אָבֶּער מֵיין גֶעלִיבְּטֶער הָאט זִיךְ פֶערְצוֹיגֶען אוּנְד אִיז פֶערְבֵּייא גֶעגַאנְגֶען, מֵיינֶע נְשָׁמָה אִיז אוֹיסְגֶעגַאנְגֶען ווֶען עֶר הָאט גֶערֶעט, אִיךְ הָאבּ אִיהְם גֶעזוּכְט אָבֶּער אִיךְ הָאבּ אִיהְם נִיט גֶעפוּנֶען, אִיךְ הָאבּ אִיהְם גֶערוּפֶען אָבֶּער עֶר הָאט מִיר נִיט גֶעעֶנְטְפֶערְט: 7 עֶס הָאבֶּען מִיךְ גֶעפוּנֶען דִיא שֹׁמְרִים ווָאס טְהוּעֶן אַרוּמְרִינְגֶעלְן דִיא שְׁטָאט, זֵייא הָאבֶּען מִיךְ גֶעשְׁלָאגֶען, זֵייא הָאבֶּען מִיךְ פֶערְווָאוּנְדֶעט, דִיא ווָאס הִיטֶען דִיא מוֹיעֶרְן הָאבֶּען אַוֶועקְגֶענוּמֶען מֵיינֶע צִירוּנְג (מֵיין שְׁלֵייעֶר) פוּן מִיר: 8 אִיךְ בֶּעשְׁוֶוער אֵייךְ, אָ אִיהְר טֶעכְטֶער פוּן יְרוּשָׁלַיִם, אוֹיבּ אִיהְר וֶועט גֶעפִינֶען מֵיין גֶעלִיבְּטֶען אַז אִיהְר זָאלְט אִיהְם זָאגֶען, אַז אִיךְ בִּין קְרַאנְק ווֶעגֶען דֶער לִיבְּשַׁאפְט: 9 ווָאס אִיז דֶען דֵיין גֶעלִיבְּטֶער מֶעהְר ווִיא אֵיין אַנְדֶערֶער גֶעלִיבְּטֶער, אָ דוּא שֶׁעהְנְסְטֶע אוּנְטֶער דִיא ווַייבֶּער? ווָאס אִיז דֶען דֵיין גֶעלִיבְּטֶער מֶעהְר ווִיא אֵיין אַנְדֶערֶער גֶעלִיבְּטֶער דָאס דוּא טְהוּסְט אוּנְס אַזוֹי בֶּעשְׁוֶוערֶען? 10 מֵיין גֶעלִיבְּטֶער אִיז קְלָאר ווַייס אוּנְד רוֹיט, דֶער בֶּעגֶעהְרְטֶעסְטֶער פוּן צֶעהְן־טוֹיזֶענְדֶע: 11 זֵיין קָאפּ אִיז אַזוֹי ווִיא דָאס פֵיינְסְטֶע גָאלְד, זֵיינֶע לָאקֶען זֶענֶען דִיק אוּנְד שְׁוַוארְץ אַזוֹי ווִיא דִיא רָאבֶּען: 12 זֵיינֶע אוֹיגֶען זֶענֶען אַזוֹי ווִיא טוֹיבֶּען־אוֹיגֶען, בֵּייא דִיא ווַאסֶער־טֵייכֶען, גֶעוַואשֶׁען אִין מִילְךְ אוּנְד זִיצֶען אַזוֹי ווִיא אֵיינְגֶעפַאסְטֶע יוּבֶעלֶען: 13 זֵיינֶע קִין־בַּאקֶען זֶענֶען אַזוֹי ווִיא אַ בֶּעט פוּן בְּשָׂמִים, טוּרְמֶען פוּן זִיסֶע בְּלוּמֶען, זֵיינֶע לִיפֶּען זֶענֶען אַזוֹי ווִיא בְּלוּמֶען ווָאס טְרִיפֶען זִיס גֶעשְׁמַאקֶען מוֹר: 14 זֵיינֶע הֶענְד זֶענֶען ווִיא גָאלְדֶענֶע רִינְגֶען אֵיינְגֶעפַאסְט מִיט טֵייעֶרֶע שְׁטֵיינֶער (תַּרְשִׁישׁ), זֵיינֶע גֶעדֶערְם זֶענֶען אַזוֹי ווִיא עֶלְפַאנְד־בֵּיין אֵיינְגֶעפַאסְט מִיט סַפִּיר־שְׁטֵיינֶער: 15 זֵיינֶע שֶׁענְקֶעל זֶענֶען אַזוֹי ווִיא זֵיילֶען פוּן מַארְמָאר־שְׁטֵיין,

גֶעגְרוּנְדֶעט אוֹיף שְׁוֶועלֶען פוּן רֵיין גָאלְד,
זֵיינֶע גֶעשְׁטַאלְט אִיז אַזוֹי וְוִיא דֶער
לְבָנוֹן, אוֹיסְדֶערְוֶועהְלְט וְוִיא דִיא טֶענֶען־
בֵּיימֶער: 16 זֵיין גוּימֶען אִיז אִים גַאנְצֶען
זִיס, אוּנְד אִים גַאנְצֶען גְלוּסְטִיג — דֶער
דָאזִיגֶער אִיז מֵיין גֶעלִיבְּטֶער, אוּנְד דֶער
דָאזִיגֶער אִיז מֵיין פְרֵיינְד, אָ אִיהְר טֶעכְטֶער
פוּן יְרוּשָׁלַיִם:

קאפיטעל ו

1 אַוְואוּ אִיז דֵיין גֶעלִיבְּטֶער אַהִינְגֶעגַאנְגֶען,
אָ דוּא שֶׁעהְנֶע אוּנְטֶער דִיא וְוייבֶּער? אַוְואוּ
הָאט זִיךְ דֵיין גֶעלִיבְּטֶער אַהִינְגֶעקֶעהְרְט?
מִיר וֶועלֶען אִיהְם מִיט דִיר זוּכֶען:
2 מֵיין גֶעלִיבְּטֶער אִיז אַרוּפְּגֶעגַאנְגֶען צוּ
זֵיין גָארְטֶען, צוּ דִיא בֵּייטֶען פוּן בְּשָׂמִים
זִיךְ צוּ וֵויידֶען אִין דִיא גֶערְטֶען, אוּנְד צוּ
פְּלִיקֶען רוֹיזֶען: 3 אִיךְ גֶעהֶער צוּ מֵיין
גֶעלִיבְּטֶען אוּנְד מֵיין גֶעלִיבְּטֶער גֶעהֶערְט
צוּ מִיר, עֶר וֵויידֶעט צְווִישֶׁען דִיא רוֹיזֶען:
4 דוּא בִּיזְט שֶׁעהְן אָ מֵיינֶע גֶעלִיבְּטֶע, אַזוֹי
וְוִיא תִרְצָה, אַזוֹי שֶׁעהְן וְוִיא יְרוּשָׁלַיִם,
פָארְכְטֶערְלִיךְ אַזוֹי וְוִיא חַיָלוֹת מִיט פֶּעהְ־
נֶער: 5 קֶעהְר אַוֶועק דֵיינֶע אוֹיגֶען פוּן

מִקְשִׁים... 

ו

א אָנָה הָלַךְ דּוֹדֵךְ הַיָּפָה בַּנָּשִׁים אָנָה פָּנָה דוֹדֵךְ וּנְבַקְשֶׁנּוּ
2 עִמָּךְ: דּוֹדִי יָרַד לְגַנּוֹ לַעֲרוּגוֹת הַבֹּשֶׂם לִרְעוֹת בַּגַּנִּים
3 וְלִלְקֹט שׁוֹשַׁנִּים: אֲנִי לְדוֹדִי וְדוֹדִי לִי הָרֹעֶה בַּשּׁוֹשַׁנִּים:
4 יָפָה אַתְּ רַעְיָתִי כְּתִרְצָה נָאוָה כִּירוּשָׁלָ͏ִם אֲיֻמָּה כַּנִּדְגָּלוֹת:
ה הָסֵבִּי עֵינַיִךְ מִנֶּגְדִּי שֶׁהֵם הִרְהִיבֻנִי שַׂעְרֵךְ כְּעֵדֶר הָעִזִּים
6 שֶׁגָּלְשׁוּ מִן־הַגִּלְעָד: שִׁנַּיִךְ כְּעֵדֶר הָרְחֵלִים שֶׁעָלוּ מִן
7 הָרַחְצָה שֶׁכֻּלָּם מַתְאִימוֹת וְשַׁכֻּלָה אֵין בָּהֶם: כְּפֶלַח
8 הָרִמּוֹן רַקָּתֵךְ מִבַּעַד לְצַמָּתֵךְ: שִׁשִּׁים הֵמָּה מְלָכוֹת וּשְׁמֹנִים
9 פִּילַגְשִׁים וַעֲלָמוֹת אֵין מִסְפָּר: אַחַת הִיא יוֹנָתִי תַמָּתִי
אַחַת הִיא לְאִמָּהּ בָּרָה הִיא לְיוֹלַדְתָּהּ רָאוּהָ בָנוֹת
י וַיְאַשְּׁרוּהָ מְלָכוֹת וּפִילַגְשִׁים וַיְהַלְלוּהָ: מִי־זֹאת הַנִּשְׁקָפָה
כְּמוֹ־שָׁחַר יָפָה כַלְּבָנָה בָּרָה כַּחַמָּה אֲיֻמָּה כַּנִּדְגָּלוֹת:
11 אֶל־גִּנַּת אֱגוֹז יָרַדְתִּי לִרְאוֹת בְּאִבֵּי הַנָּחַל לִרְאוֹת הֲפָרְחָה
12 הַגֶּפֶן הֵנֵצוּ הָרִמֹּנִים: לֹא יָדַעְתִּי נַפְשִׁי שָׂמַתְנִי מַרְכְּבוֹת
עַמִּי נָדִיב:

ז

א שׁוּבִי שׁוּבִי הַשּׁוּלַמִּית שׁוּבִי שׁוּבִי וְנֶחֱזֶה־בָּךְ מַה־תֶּחֱזוּ
2 בַּשּׁוּלַמִּית כִּמְחֹלַת הַמַּחֲנָיִם: מַה־יָּפוּ פְעָמַיִךְ בַּנְּעָלִים
בַּת־נָדִיב חַמּוּקֵי יְרֵכַיִךְ כְּמוֹ חֲלָאִים מַעֲשֵׂה יְדֵי אָמָּן:
3 שָׁרְרֵךְ אַגַּן הַסַּהַר אַל־יֶחְסַר הַמָּזֶג בִּטְנֵךְ עֲרֵמַת חִטִּים
4 סוּגָה בַּשּׁוֹשַׁנִּים: שְׁנֵי שָׁדַיִךְ כִּשְׁנֵי עֳפָרִים תָּאֳמֵי צְבִיָּה:
ה צַוָּארֵךְ כְּמִגְדַּל הַשֵּׁן עֵינַיִךְ בְּרֵכוֹת בְּחֶשְׁבּוֹן עַל־שַׁעַר בַּת־
6 רַבִּים אַפֵּךְ כְּמִגְדַּל הַלְּבָנוֹן צוֹפֶה פְּנֵי דַמָּשֶׂק: רֹאשֵׁךְ

מִיר, וָוארִין זֵייא אִיבֶּערְוֶועלְטִיגֶען מִיךְ, דֵיינֶע הָאָר זֶענֶען אַזוֹי וְוִיא אַ סְטַאדֶע צִיגֶען,
וָואס נִידֶערְן אַרוּפּ פוּן דֶעם בַּארְג גִלְעָד: 6 דֵיינֶע צֵיין זֶענֶען אַזוֹי וְוִיא אַ סְטַאדֶע
אָפְּגֶעשׁוֹירֶענֶע שָׁאף, וָואס קוּמֶען אַרוֹיף פוּן דֶעם וַואשֶׁען, וָואס אִיטְלִיכֶעס גֶעווִינְט
צְווִילִינְגֶע, אוּנְד עֶס אִיז קֵיינֶע פֶערְוַוארְפוּנְג נִיט אִין זֵייא: 7 דֵיינֶע שְׁלֵייף אִיז אַזוֹי
וְוִיא אַ הַאלְבֶּער מִילְגְרוֹים פוּן אִינֶעוֶוענִיג פוּן דֵיינֶע לָאקֶען: 8 זֵייא זֶענֶען זֶעכְצִיג
מְלָכוֹת, אוּנְד אַכְצִיג קֶעבְּס־וַוייבֶּער, אוּנְד יוּנְגְפְרוֹיעֶן אָהְן אַ צָאל: 9 אָבֶּער אֵיינֶע אִיז
מֵיינֶע טוֹיבּ, מֵיינֶע אוּמְבֶּעפְלֶעקְטֶע, זִיא אִיז דִיא אֵיינְצִיגֶע פוּן אִיהְרֶע מוּטֶער, זִיא אִיז
דִיא אוֹיסְדֶערְוֶועהְלְטֶע פוּן דִיא וָואס הָאט זִיא גֶעבּוֹירֶען, דִיא טֶעכְטֶער הָאבֶּען זִיא
גֶעזֶעהֶען, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זִיא גֶעבֶּענְשְׁט, דִיא מְלָכוֹת אוּנְד דִיא קֶעבְּס־וַוייבֶּער הָאבֶּען
זִיא גֶעלוֹיבְּט: 10 וֶוער אִיז דִיא דָאזִיגֶע וָואס קוּקְט אַרוֹיס אַזוֹי וְוִיא דֶער מָארְגֶען, אַזוֹי
שֶׁעהְן וְוִיא דִיא לְבָנָה, אַזוֹי קְלָאר וְוִיא דִיא זוּן, פָארְכְטֶערְלִיךְ אַזוֹי וְוִיא דִיא חַיָלוֹת
מִיט פֶעהְנֶער? 11 צוּ דֶעם נוּס־גָארְטֶען בִּין אִיךְ אַרוּפְּגֶעגַאנְגֶען צוּ זֶעהֶען דִיא פֵּירוֹת
פוּן דֶעם טְהָאל, אוּנְד צוּ זֶעהֶען אוֹיבּ דֶער וַויינְשְׁטָאק הָאט גֶעבְּלִיהְט, אָדֶער אוֹיבּ דִיא
מִילְגְרוֹימֶען בְּלִיהֶען: 12 אֵיידֶער אִיךְ הָאבּ עֶס גֶעווָאוּסְט הָאט מִיךְ מֵיינֶע זֶעלֶע
גֶעמַאכְט אַזוֹי וְוִיא דִיא רֵייטְוֶועגֶען פוּן עַמִּי־נָדִיב:

קאפיטעל ז

1 קֶעהְר צוּרִיק, קֶעהְר צוּרִיק, אָ דוּא שׁוּלַמִּית! קֶעהְר צוּרִיק, קֶעהְר צוּרִיק, כְּדֵי מִיר
זָאלֶען דִיךְ קֶענֶען אָנְקוּקֶען! וָואס זֶעהְט אִיהְר דֶען אִין דֶער שׁוּלַמִּית? זִיא אִיז אַזוֹי
וְוִיא צְווייא חַיָלוֹת: 2 וְוִיא שֶׁעהְן זֶענֶען דֵיינֶע שְׁרִיט אִין דִיא שִׁיךְ, אָ דוּא טָאכְטֶער
פוּן אַ פְּרִינְץ! דִיא בֶּעוֶועגוּנְג פוּן דֵיינֶע דִיכְטֶען זֶענֶען אַזוֹי וְוִיא טֵיירֶע יוּבֶּעלֶען, דִיא
הַאנְד אַרְבֵּייט פוּן אַ קִינְסְטְלֶער: 3 דֵיין נָאפֶּעל אִיז אַזוֹי וְוִיא אַ קֵיילֶעכְדִיגֶער בֶּעכֶער,
וָואס פֶעהְלְט אִיהְם קֵיינְמָאל קֵיין גֶעמִישְׁטֶען וַויין, דֵיין בּוֹיךְ אִיז אַזוֹי וְוִיא אַ הוֹיפֶען
וַוייץ, אַרוּמְגֶעצוֹימְט מִיט רוֹיזֶען: 4 דֵיינֶע צְווייא בְּרִיסְטֶען זֶענֶען אַזוֹי וְוִיא צְווייא
יוּנְגֶע הִירְשֶׁען וָואס זֶענֶען צְווִילִינְגֶע: 5 דֵיין הַאלְז אִיז אַזוֹי וְוִיא אַ טָארֶעם פוּן עֶלֶעפַאנְד
בֵּיין; דֵיינֶע אוֹיגֶען זֶענֶען אַזוֹי וְוִיא דִיא טֵייכֶען אִין חֶשְׁבּוֹן בֵּייא דֶעם טוֹיעֶר פוּן בַּת רַבִּים;
דֵיינֶע נָאז אִיז אַזוֹי וְוִיא דֶער טָארֶעם פוּן לְבָנוֹן, וָואס קוּקְט אַהִין קֵיין דַמֶּשֶׂק: 6 דֵיין קָאפּ

איז

קַשְׁתּוֹ כְּאוֹיֵב נִצָּב יְמִינוֹ כְּצָר וַיַּהֲרֹג כֹּל מַחֲמַדֵּי־עָיִן בְּאֹהֶל
ה בַּת־צִיּוֹן שָׁפַךְ כָּאֵשׁ חֲמָתוֹ׃ הָיָה אֲדֹנָי ׀ כְּאוֹיֵב בִּלַּע
יִשְׂרָאֵל בִּלַּע כָּל־אַרְמְנוֹתֶיהָ שִׁחֵת מִבְצָרָיו וַיֶּרֶב בְּבַת־
6 יְהוּדָה תַּאֲנִיָּה וַאֲנִיָּה׃ וַיַּחְמֹס כַּגַּן שֻׂכּוֹ שִׁחֵת מוֹעֲדוֹ שִׁכַּח
יְהוָה ׀ בְּצִיּוֹן מוֹעֵד וְשַׁבָּת וַיִּנְאַץ בְּזַעַם־אַפּוֹ מֶלֶךְ וְכֹהֵן׃
7 זָנַח אֲדֹנָי ׀ מִזְבְּחוֹ נִאֵר מִקְדָּשׁוֹ הִסְגִּיר בְּיַד־אוֹיֵב חוֹמֹת
8 אַרְמְנוֹתֶיהָ קוֹל נָתְנוּ בְּבֵית־יְהוָה כְּיוֹם מוֹעֵד׃ חָשַׁב
יְהוָה ׀ לְהַשְׁחִית חוֹמַת בַּת־צִיּוֹן נָטָה קָו לֹא־הֵשִׁיב יָדוֹ
9 מִבַּלֵּעַ וַיַּאֲבֶל־חֵל וְחוֹמָה יַחְדָּו אֻמְלָלוּ׃ טָבְעוּ בָאָרֶץ
שְׁעָרֶיהָ אִבַּד וְשִׁבַּר בְּרִיחֶיהָ מַלְכָּהּ וְשָׂרֶיהָ בַגּוֹיִם אֵין
י תּוֹרָה גַּם־נְבִיאֶיהָ לֹא־מָצְאוּ חָזוֹן מֵיְהוָה׃ יֵשְׁבוּ לָאָרֶץ
יִדְּמוּ זִקְנֵי בַת־צִיּוֹן הֶעֱלוּ עָפָר עַל־רֹאשָׁם חָגְרוּ שַׂקִּים
11 הוֹרִידוּ לָאָרֶץ רֹאשָׁן בְּתוּלֹת יְרוּשָׁלָ‍ִם׃ כָּלוּ בַדְּמָעוֹת
עֵינַי חֳמַרְמְרוּ מֵעַי נִשְׁפַּךְ לָאָרֶץ כְּבֵדִי עַל־שֶׁבֶר בַּת־
12 עַמִּי בֵּעָטֵף עוֹלֵל וְיוֹנֵק בִּרְחֹבוֹת קִרְיָה׃ לְאִמֹּתָם יֹאמְרוּ
אַיֵּה דָּגָן וָיָיִן בְּהִתְעַטְּפָם כֶּחָלָל בִּרְחֹבוֹת עִיר בְּהִשְׁתַּפֵּךְ
13 נַפְשָׁם אֶל־חֵיק אִמֹּתָם׃ מָה־אֲעוּדֵךְ מָה אֲדַמֶּה־לָּךְ הַבַּת
יְרוּשָׁלַ‍ִם מָה אַשְׁוֶה־לָּךְ וַאֲנַחֲמֵךְ בְּתוּלַת בַּת־צִיּוֹן כִּי־גָדוֹל
14 כַּיָּם שִׁבְרֵךְ מִי יִרְפָּא־לָךְ׃ נְבִיאַיִךְ חָזוּ לָךְ שָׁוְא וְתָפֵל
וְלֹא־גִלּוּ עַל־עֲוֹנֵךְ לְהָשִׁיב שְׁבִיתֵךְ וַיֶּחֱזוּ לָךְ מַשְׂאוֹת שָׁוְא
טו וּמַדּוּחִים׃ סָפְקוּ עָלַיִךְ כַּפַּיִם כָּל־עֹבְרֵי דֶרֶךְ שָׁרְקוּ וַיָּנִעוּ
רֹאשָׁם עַל־בַּת יְרוּשָׁלָ‍ִם הֲזֹאת הָעִיר שֶׁיֹּאמְרוּ כְּלִילַת יֹפִי
16 מָשׂוֹשׂ לְכָל־הָאָרֶץ׃ פָּצוּ עָלַיִךְ פִּיהֶם כָּל־אוֹיְבַיִךְ שָׁרְקוּ
וַיַּחַרְקוּ־שֵׁן אָמְרוּ בִּלָּעְנוּ אַךְ זֶה הַיּוֹם שֶׁקִּוִּינֻהוּ מָצָאנוּ
17 רָאִינוּ׃ עָשָׂה יְהוָה אֲשֶׁר זָמָם בִּצַּע אֶמְרָתוֹ אֲשֶׁר צִוָּה
מִימֵי־קֶדֶם הָרַס וְלֹא חָמָל וַיְשַׂמַּח עָלַיִךְ אוֹיֵב הֵרִים קֶרֶן
18 צָרָיִךְ׃ צָעַק לִבָּם אֶל־אֲדֹנָי חוֹמַת בַּת־צִיּוֹן הוֹרִידִי כַנַּחַל

זיין בויגען אַזוֹי ווִיא אַ פֵיינד, עֶר הָאט זיךְ געשטעלט צוּ זיינע רעכטע האַנד אַזוֹי ווִיא אַ פֵיינד, אוּנד עֶר הָאט דערשלאָגען אַלעם גלוּסטיגע פוּן דעם אויג אִין דעם געצעלט פוּן דער טָאכטער פוּן צִיוֹן, עֶר הָאט אויסגעגאָסען זיין צאָרן אַזוֹי ווִיא פֵייער: 5 דער האַר אִיז געוואָרען אַזוֹי ווִיא אַ פֵיינד, עֶר הָאט יִשְׂרָאֵל פערשלוּנגען, עֶר הָאט פערשלוּנגען אַלע איהרע פּאַלאַסטען, עֶר הָאט פערדאָרבען זיינע פעסטוּנגען, עֶר הָאט פערמעהרט אִין דעם הויזגעזינד פוּן יְהוּדָה טרוֹיריגקייט אוּנד קלאָג: 6 אוּנד עֶר הָאט אִין זיין צאָרן אָפּגעבּראָכען דעם צוים ווִיא (פוּן) אַ גאָרטען, עֶר הָאט פערדאָרבען זיין קָדְשֵׁי קָדָשִׁים, דער האַר הָאט געמאַכט פערגעסען אִין צִיוֹן יוֹם טוֹב אוּנד שַׁבָּת, אוּנד עֶר הָאט דערצאָרנט מִיט זיין גרימצאָרן איבער דעם מֶלֶךְ אוּנד דעם כֹּהֵן: 7 דער האַר הָאט פערלאָזט זיין מִזְבֵּחַ, עֶר הָאט צוּשטערט זיין בֵּית הַמִּקְדָּשׁ, דִיא מויערן פוּן זיינע פּאַלאַסטען הָאט עֶר איבערגעבען אִין דִיא האַנד פוּן דעם פֵיינד, זֵייא הָאבען געגעבען אַ קוֹל אִין דעם הויז פוּן דעם האַר אַזוֹי ווִיא אָן אַ יוֹם טוֹב: 8 דער האַר הָאט געטראַכט צוּ פערדאַרבען דִיא מויערן פוּן דער טָאכטער צִיוֹן, עֶר הָאט אויסגעשטרעקט אַ שנוּר אוּנד עֶר הָאט נִיט צוּריקגעצויגען זיינע האַנד פוּן צוּ פערדאַרבען, דאַריבער הָאט עֶר געמאַכט טרויערן דִיא קליינע אוּנד גרויסע מויערן צוּזאַמען: 9 איהרע טויערן זענען איינגעזוּנקען אִין דער ערד, אוּנד איהרע ריגעל זענען פערלוירען אוּנד צוּבראָכען געוואָרען, איהרע מְלָכִים אוּנד איהרע פירשטען זענען צווִישען דִיא גוֹיִם, עֶס אִיז נִיט מעהר קיין תּוֹרָה דָא, אוּנד איהרע נְבִיאִים געפינען אויךְ נִיט מעהר קיין נְבוּאָה (געזיכט) פוּן דעם האַר: 10 דִיא עלצטע פוּן דער טָאכטער צִיוֹן זיצען אויף דער ערד, אוּנד זֵייא זענען שטִיל, זֵייא וואַרפען אַרויף שטויב אויף זייערע קעפּ, זֵייא גאַרטעלן זיךְ אָן מִיט זעק, דִיא יוּנגפרויען פוּן יְרוּשָׁלַיִם נידערן אַרוּפּ זייערע קעפּ צוּ דער ערד: 11 מיינע אויגען פערשמאַכטען ווֶעגען דִיא טרערען, מיינע געדערם זענען איינגעשרוּמפּען, מיינע לעבער אִיז צוּ דער ערד פערגאָסען געוואָרען ווֶעגען דעם בּראָךְ פוּן דער טָאכטער פוּן מיין פאָלק, ווייל אַפִילוּ דִיא קליינע קינדער אוּנד דִיא זייגעדיגע קינדער פערשמאַכטען אִין דער גאַס פוּן דער שטאָט: 12 צוּ זייערע מוּטערס זָאגען זֵייא וואוּ אִיז דָאס קאָרן אוּנד דער ווֵיין? ווֶען זֵייא פערשמאַכטען אַזוֹי ווִיא דערשלאָגענע אִין דִיא גאַס פוּן דער שטאָט, אוּנד זֵייא פערגיסען זייער נֶפֶשׁ (לעבען) אִין דעם שוֹיס פוּן זייערע מוּטערס: 13 וואָס פאַר איין עֵדוּת זָאל איךְ צוּ דִיר נעמען? צוּ וואָס זָאל איךְ דִיךְ פערגלייכען, דוּא טָאכטער פוּן יְרוּשָׁלַיִם? וואָס זָאל איךְ צוּ דִיר גלייכען אַז איךְ זָאל דִיךְ טרעסטען, דוּא יוּנגפרויא טָאכטער פוּן צִיוֹן? וואָרין דיין בּראָךְ אִיז אַזוֹי גרויס ווִיא דער יַם, ווֶער קען דִיךְ היילען? 14 דיינע נְבִיאִים זעהען צוּ דִיר פאַלשהייט אוּנד נאַרישקייט, אוּנד זֵייא הָאבען דִיר נִיט אַנטפּלעקט דיינע זִינד, כְּדֵי דיינע געפאַנגענשאַפט ווִידערצוּקעהרען, אוּנד זֵייא זעהען צוּ דִיר פאַלשע נְבוּאוֹת אוּנד פערשפּרעכוּנגען: 15 אַלע וואָס געהען פאַרבּייא הָאבען איבער דִיר געקלאַטשט מִיט דִיא הענד, זֵייא שמוּצירען אוּנד שאָקעלן מִיט זייערע קעפּ איבער דִיא טָאכטער יְרוּשָׁלַיִם, זֵייא זָאגען, אִיז דָאס דִיא שטאָט וואָס אִיז געוועזען אִין איהרע גאַנצע שענהייט, דִיא פרייד פוּן דער גאַנצער ערד (וועלט)? 16 אַלע דיינע פֵיינדע מאַכען אויף זייער מויל קעגען דִיר, זֵייא שמוּצירען אוּנד קריצען מִיט דִיא ציין, זֵייא זָאגען, מִיר הָאבען זֵייא פערשלוּנגען, בֶּאֱמֶת, דָאס אִיז דער טָאג אויף וואָס מִיר הָאבען געהאָפט, מִיר הָאבען אִיהם געפוּנען אוּנד געזעהען: 17 דער האַר הָאט געטהוּן דָאס וואָס עֶר הָאט געטראַכט, עֶר הָאט אויסגעפיהרט זיינע צוּזאָג וואָס עֶר הָאט שוֹין פוּן לאַנג אָן געבאָטען, עֶר הָאט

דִּמְעָה יוֹמָם וָלַיְלָה אַל־תִּתְּנִי פוּגַת לָךְ אַל־תִּדֹּם בַּת־
19 עֵינֵךְ׃ קוּמִי ׀ רֹנִּי בַלַּיְל לְרֹאשׁ אַשְׁמֻרוֹת שִׁפְכִי כַמַּיִם
לִבֵּךְ נֹכַח פְּנֵי אֲדֹנָי שְׂאִי אֵלָיו כַּפַּיִךְ עַל־נֶפֶשׁ עוֹלָלַיִךְ
כ הָעֲטוּפִים בְּרָעָב בְּרֹאשׁ כָּל־חוּצוֹת׃ רְאֵה יְהוָה וְהַבִּיטָה
לְמִי עוֹלַלְתָּ כֹּה אִם־תֹּאכַלְנָה נָשִׁים פִּרְיָם עֹלֲלֵי טִפֻּחִים
21 אִם־יֵהָרֵג בְּמִקְדַּשׁ אֲדֹנָי כֹּהֵן וְנָבִיא׃ שָׁכְבוּ לָאָרֶץ חוּצוֹת
נַעַר וְזָקֵן בְּתוּלֹתַי וּבַחוּרַי נָפְלוּ בֶחָרֶב הָרַגְתָּ בְּיוֹם אַפֶּךָ
22 טָבַחְתָּ לֹא חָמָלְתָּ׃ תִּקְרָא כְיוֹם מוֹעֵד מְגוּרַי מִסָּבִיב וְלֹא
הָיָה בְּיוֹם אַף־יְהוָה פָּלִיט וְשָׂרִיד אֲשֶׁר־טִפַּחְתִּי וְרִבִּיתִי
אֹיְבִי כִלָּם׃

ג

ג
א 2 אֲנִי הַגֶּבֶר רָאָה עֳנִי בְּשֵׁבֶט עֶבְרָתוֹ׃ אוֹתִי נָהַג וַיֹּלַךְ
3 חֹשֶׁךְ וְלֹא־אוֹר׃ אַךְ בִּי יָשֻׁב יַהֲפֹךְ יָדוֹ כָּל־הַיּוֹם׃
4 ה בִּלָּה בְשָׂרִי וְעוֹרִי שִׁבַּר עַצְמוֹתָי׃ בָּנָה עָלַי וַיַּקַּף רֹאשׁ
6 7 וּתְלָאָה׃ בְּמַחֲשַׁכִּים הוֹשִׁיבַנִי כְּמֵתֵי עוֹלָם׃ גָּדַר
8 בַּעֲדִי וְלֹא אֵצֵא הִכְבִּיד נְחָשְׁתִּי׃ גַּם כִּי אֶזְעַק וַאֲשַׁוֵּעַ
9 י שָׂתַם תְּפִלָּתִי׃ גָּדַר דְּרָכַי בְּגָזִית נְתִיבֹתַי עִוָּה׃ דֹּב
11 אֹרֵב הוּא לִי אֲרִיה בְּמִסְתָּרִים׃ דְּרָכַי סוֹרֵר וַיְפַשְּׁחֵנִי
12 שָׂמַנִי שֹׁמֵם׃ דָּרַךְ קַשְׁתּוֹ וַיַּצִּיבֵנִי כַּמַּטָּרָא לַחֵץ׃
13 14 הֵבִיא בְּכִלְיוֹתָי בְּנֵי אַשְׁפָּתוֹ׃ הָיִיתִי שְּׂחֹק לְכָל־עַמִּי
טו נְגִינָתָם כָּל־הַיּוֹם׃ הִשְׂבִּיעַנִי בַמְּרוֹרִים הִרְוַנִי לַעֲנָה׃
16 17 וַיַּגְרֵס בֶּחָצָץ שִׁנָּי הִכְפִּישַׁנִי בָּאֵפֶר׃ וַתִּזְנַח מִשָּׁלוֹם נַפְשִׁי
18 נָשִׁיתִי טוֹבָה׃ וָאֹמַר אָבַד נִצְחִי וְתוֹחַלְתִּי מֵיְהוָה׃
19 כ זְכָר־עָנְיִי וּמְרוּדִי לַעֲנָה וָרֹאשׁ׃ זָכוֹר תִּזְכּוֹר וְתָשׁוֹחַ עָלַי
21 22 נַפְשִׁי׃ זֹאת אָשִׁיב אֶל־לִבִּי עַל־כֵּן אוֹחִיל׃ חַסְדֵי
23 יְהוָה כִּי לֹא־תָמְנוּ כִּי לֹא־כָלוּ רַחֲמָיו׃ חֲדָשִׁים לַבְּקָרִים

אפגעבראכען אונד ער האט זיך ניט דער־
בארמט, אונד דער פיינד האט זיך איבער
דיר געפרייט, ער האט אויפגעהויבען דאס
הארן פון דיינע פיינד: 18 זייער הארץ
האט געשריען צו דעם האר, א דוא מויער
פון דער טאכטער ציון, לאזען טרערען
ארופרינען וויא טייכען טאג אונד נאכט,
לאז דיין אויג־אפעל דיר קיינע רוה געבען:
19 שטעה אויף, שרייא אוים אין דער
נאכט אין דעם אנפאנג פון דיא משמרות,
גיס אוים דיין הארץ אזוי וויא וואסער פאר
דעם פנים פון דעם האר, העב אויף דיינע
הענד צו איהם פון וועגען דעם לעבען פון
דיא קליינע קינדער וואס פערשמאכטען
פאר הונגער אין דער שפיץ פון אלע גאס־
סען: 20 זעה, א האר, אונד בעטראכט צו
וועמען דוא האסט אזוי געטהון! זאלען דיא
ווייבער עסען זייערע אייגענע פרוכט, אונד
יונגע קינדער פון איין שפאן לאנג? אדער
זאלען דער כהן אונד דער נביא דערשלא־
גען ווערען אין דעם בית המקדש פון דעם
האר? 21 יונג אונד אלט לעגען זיך אין
דער גאס, יונגפרויען אונד בחורים פאלען
דורך דעם שווערד, דוא האסט זייא דערשלאגען אין דעם טאג פון דיין צארן, דוא האסט
זייא געשאכטען אונד דוא האסט דיך ניט דערבארמט: 22 דוא האסט צוזאמענגערופען
אזוי וויא אם יום טוב מיינע שרעקען פון רינגס ארום, אונד עס איז ניט געוועזען אין דעם
טאג פון דעם האר קיינע אנטרינונג אונד קיינע איבערבלייבונג, דיא (קינדער) וואס איך
האב איינגעוויקעלט אונד גרויס געצויגען האט דער פיינד פערלענט:

קאפיטעל ג

1 איך בין דער מאן וואס האט געזעהען פיין דורך דיא רוט פון זיין גרימצארן: 2 ער האט
מיך געפיהרט אונד געמאכט געהן אין דער פינסטער, אונד ניט אין דעם ליכט: 3 באמת,
קעגען מיר האט ער זיך געקעהרט, ער קעהרט זיינע האנד קעגען מיר דעם גאנצען טאג:
4 ער האט אלט געמאכט מיין פלייש אונד מיינע הויט, אונד ער האט צובראכען מיינע ביי־
נער: 5 ער האט קעגען מיר געבויעט, אונד ער האט מיך ארומגערינגעלט מיט גאל אונד
מידיגקייט: 6 ער האט מיך געזעצט אין פינסטערע ערטער אזוי וויא דיא וואס זענען שוין
לאנג טויט: 7 ער האט מיך ארומגעצוימט דאס איך קען ניט ארויסגעהן, ער האט מיינע
קעטען שווער געמאכט: 8 אפילו ווען איך שרייא אונד בעט, אזוי פערשטאפט ער (זיינע
אויערן) פון מיין געבעט: 9 ער האט מיין וועג בעצוימט מיט געהויענע שטיינער, אונד ער
האט מיינע שטעגען פערקרימט: 10 ער איז צו מיר געוועזען וויא א בער וואס לויערט, אונד
וויא א לייב אים פערבארגענעם: 11 ער האט אוועקגעקעהרט מיין וועג, אונד ער האט מיך
צושטיקט אונד מיך וויסט געמאכט! 12 ער האט זיין בויגען געשפאנט אונד ער האט מיך
אהינגעשטעלט אזוי וויא א ציל צו דעם פייל: 13 ער האט געמאכט זיינע פיילען אריינ־
קומען (ארײנשיסען) אין מיינע נירען פון דעם כלי־וואס הייסט אשפה: 14 איך בין געווארען
פאר א געלעכטער צו מיין גאנצען פאלק, אונד זייער געזאנג דעם גאנצען טאג: 15 ער האט
מיך געזעטיגט מיט ביטערקייט, אונד ער האט מיך אנגעטרונקען מיט ווערמוט: 16 ער האט
אויך צובראכען מיינע ציין מיט דיא קליינע שטיינלעך, ער האט מיך בעדעקט מיט אש:
17 אונד דוא האסט מיין נפש פערשטויסען פון שלום, אונד איך האב פערגעסען דאס גוטע:
18 אונד איך האב געזאגט אז מיינע שטארקהייט אונד מיינע האפנונג איז פערלוירען פון
דעם האר: 19 געדענק דאך אן מיין עלענד, מיינע מיהזעליגקייט, דאס ווערמוט אונד דיא
גאל: 20 מיין נפש געדענקט עס גאנץ גוט, אונד איך בין דאדורך איינגעבויגען: 21 דאס
דאזיגע טהוא איך צו מיין הארץ צוריקקעהרען, דארום האב איך א האפנונג: 22 עס
איז דעם האר׳ס חסד דאס מיר זענען נאך ניט אומגעקומען, ווארין זיינע דערבארמונג
האט נאך ניט אים גאנצען אויפגעהערט: 23 זייא זענען דערנייערט איטליכען פריהמארגען

דיינע

24 רבה אמונתך: חלקי יהוה אמרה נפשי על־כן אוחיל
כה 26 לו: טוב יהוה לקוו לנפש תדרשנו: טוב ויחיל
27 ודומם לתשועת יהוה: טוב לגבר כי־ישא על בנעוריו:
28 29 ישב בדד וידם כי נטל עליו: יתן בעפר פיהו אולי
ל 31 יש תקוה: יתן למכהו לחי ישבע בחרפה: כי לא
32 33 יזנח לעולם אדני: כי אם־הוגה ורחם כרב חסדו: כי
34 לא ענה מלבו ויגה בני־איש: לדכא תחת רגליו
לה כל אסירי ארץ: להטות משפט־גבר נגד פני עליון:
36 37 לעות אדם בריבו אדני לא ראה: מי זה אמר
38 ותהי אדני לא צוה: מפי עליון לא תצא הרעות והטוב:
39 מ מה־יתאונן אדם חי גבר על־חטאו: נחפשה
41 דרכינו ונחקרה ונשובה עד־יהוה: נשא לבבנו אל־
42 כפים אל־אל בשמים: נחנו פשענו ומרינו אתה לא
43 סלחת: סכתה באף ותרדפנו הרגת לא חמלת:
44 מה סכותה בענן לך מעבור תפלה: סחי ומאוס תשימנו
46 47 בקרב העמים: פצו עלינו פיהם כל־איבינו: פחד
48 ופחת היה לנו השאת והשבר: פלגי־מים תרד עיני
49 על־שבר בת־עמי: עיני נגרה ולא תדמה מאין
נ 51 הפגות: עד־ישקיף וירא יהוה משמים: עיני עוללה
52 לנפשי מכל בנות עירי: צוד צדוני כצפור איבי
53 54 חנם: צמתו בבור חיי וידו־אבן בי: צפו־מים על־
נה ראשי אמרתי נגזרתי: קראתי שמך יהוה מבור
56 תחתיות: קולי שמעת אל־תעלם אזנך לרוחתי לשועתי:
57 58 קרבת ביום אקראך אמרת אל־תירא: רבת אדני
59 ריבי נפשי גאלת חיי: ראיתה יהוה עותתי שפטה
ס משפטי: ראיתה כל־נקמתם כל־מחשבתם לי:

דיינע טרייהייט איז גרויס: 24 דער האר איז מיין חלק זאגט מיין נפש, דארום וועל איך צו איהם האפען: 25 דער האר איז גוט צו דיא וואס ווארטען אויף איהם, צו דעם נפש וואס פארשט נאך איהם: 26 עס איז גוט פאר א מענש דאס ער זאל שטיל זיין אונד ווארטען אויף דיא הילף פון דעם האר: 27 עס איז גוט פאר א מענש דאס ער זאל טראגען זיין יאך אין זיינע יוגענד: 28 לאז ער אליין זיצען אונד שטיל שווייגען, ווייל ער האט עס אויף זיך אליין אויפגענומען: 29 לאז ער זיין מויל לעגען אין דעם שטויב, וואַרין טאמער איז נאך פערהאנדען א האפנונג: 30 לאז ער געבען זיינע באקען צו דעם וואס שלאגט איהם, ער זאל זיין זאט מיט שאנד: 31 וואַרין דער האר וועט ניט אויף עביג פערווארפען: 32 וואַרין חאטשע ער האט דיך געמאכט טרויערען, דאך וועט ער זיך דערבארמען נאך זיינע גרויסע חסדים: 33 וואַרין ער טהוט ניט מיט זיין ווילען פייניגען, אונד ער וויל אויך ניט בעטריבען דיא מענשענקינדער: 34 צו צושטויסען אונטער זיינע פיס אלע געפאנגענע פון דער ערד: 35 אפצונייגען דאס פנים פון א מענש פון פאר דעם פנים פון דעם אויבערשטען: 36 צו פערקרימען א מענש אין זיין קריג, זאל דאס ניט דער האר זעהען? 37 ווער איז דאס דער וואס זאגט אונד עס וועט אזוי זיין, ווען דער האר האט עס ניט געבאטען? 38 אוים דעם מויל פון דעם אויבערשטען קומט ניט ארויס שלעכטעס אונד גוטעס: 39 פארוואס זאל זיך דער לעבעדיגער מענש בעקלאגען, א מענש פאר דיא שטראף וועגען זיינע זינד? 40 לאמער אונטערזוכען אונד אויספארשען אונזערע וועגען, אונד לאמער צוריקקעהרען צו דעם האר: 41 לאמער אויפהעבען אונזערע הערצער אונד אונזערע הענד צו דעם גאט אים הימעל: 42 מיר האבען געזינדיגט אונד מורד געווען, אבער דוא האסט אונס ניט פערגעבען: 43 דוא האסט דיך בעדעקט מיט צארן אונד דוא האסט אונס נאכגעיאגט, דוא האסט אונס דערשלאגען אונד דוא האסט דיך ניט דערבארמט: 44 דוא האסט דיך בעדעקט מיט א וואלקען, כדי אונזער געבעט זאל ניט צו דיר דורכגעהן: 45 דוא האסט אונס געמאכט אזוי וויא שמוץ אונד מיאוסקייט צווישען דיא פעלקער: 46 אלע אונזערע פיינד האבען קעגען אונס זייער מויל אויפגעמאכט: 47 אנגסט אונד א גרוב איז צו אונס געווארען, פערוויסטונג אונד א בראך: 48 מיינע אויגען רינען מיט טייכען פון טרערען, וועגען דעם בראך פון דיא טאכטער פון מיין פאלק: 49 מיינע אויגען טריפען אונד שטילען זיך ניט אהן א פערברייטונג: 50 ביז דער האר וועט ארופקוקען פון דעם הימעל אונד וועט עס זעהען: 51 מיינע אויגען טהון ווערקען אויף מיין נפש מעהר וויא אלע טעכטער פון מיינע שטאט: 52 מיינע פיינד האבען מיך אומזוסט נאכגעיאגט אזוי וויא א פויגעל: 53 זייא האבען אפגעשניטען מיין לעבען אין דער גרוב, אונד זייא האבען אויף מיר געווארפען א שטיין: 54 וואסער זענען געפלאסען איבער מיין קאפ, איך האב געזאגט, איך בין אפגעשניטען געווארען: 55 א האר, איך האב אנגערופען דיין נאמען אויס דער אונטערשטע גרוב: 56 דוא האסט געהערט מיין קול, איך בעט דיך פערהויל ניט דיין אויער פון מיין אטעמען אונד פון מיין שרייען: 57 דוא האסט דיך גענעהנט אן דעם טאג ווען איך האב דיך אנגערופען, אונד דוא האסט געזאגט, דוא זאלסט ניט קיין מורא האבען: 58 א האר, דוא האסט געקריגט דעם קריג פון מיין נפש, דוא האסט אויסגעלעזט מיין לעבען: 59 א האר, דוא האסט געזעהען מיינע פערקרימונג, משפט דאך מיין משפט: 60 דוא האסט געזעהען אלע זייערע נקמות, אונד אלע זייערע בייזע מחשבות קעגען מיר: 61 א האר,

דוא

61 62 שָׁמַעְתָּ חֶרְפָּתָם יְהוָה כָּל־מַחְשְׁבֹתָם עָלָי׃ שִׂפְתֵי קָמַי
63 וְהֶגְיוֹנָם עָלַי כָּל־הַיּוֹם׃ שִׁבְתָּם וְקִימָתָם הַבִּיטָה אֲנִי
64 מַנְגִּינָתָם׃ תָּשִׁיב לָהֶם גְּמוּל יְהוָה כְּמַעֲשֵׂה יְדֵיהֶם׃
סה 66 תִּתֵּן לָהֶם מְגִנַּת־לֵב תַּאֲלָתְךָ לָהֶם׃ תִּרְדֹּף בְּאַף וְתַשְׁמִידֵם
מִתַּחַת שְׁמֵי יְהוָה׃

ד

ד

א אֵיכָה יוּעַם זָהָב יִשְׁנֶא הַכֶּתֶם הַטּוֹב תִּשְׁתַּפֵּכְנָה אַבְנֵי־
2 קֹדֶשׁ בְּרֹאשׁ כָּל־חוּצוֹת׃ בְּנֵי צִיּוֹן הַיְקָרִים הַמְסֻלָּאִים
3 בַּפָּז אֵיכָה נֶחְשְׁבוּ לְנִבְלֵי־חֶרֶשׂ מַעֲשֵׂה יְדֵי יוֹצֵר׃ גַּם־
תַּנִּין חָלְצוּ שַׁד הֵינִיקוּ גּוּרֵיהֶן בַּת־עַמִּי לְאַכְזָר כִּי עֵנִים
4 בַּמִּדְבָּר׃ דָּבַק לְשׁוֹן יוֹנֵק אֶל־חִכּוֹ בַּצָּמָא עוֹלָלִים שָׁאֲלוּ
ה לֶחֶם פֹּרֵשׂ אֵין לָהֶם׃ הָאֹכְלִים לְמַעֲדַנִּים נָשַׁמּוּ בַּחוּצוֹת
6 הָאֱמֻנִים עֲלֵי תוֹלָע חִבְּקוּ אַשְׁפַּתּוֹת׃ וַיִּגְדַּל עֲוֺן בַּת־עַמִּי
מֵחַטַּאת סְדֹם הַהֲפוּכָה כְמוֹ־רָגַע וְלֹא־חָלוּ בָהּ יָדָיִם׃
7 זַכּוּ נְזִירֶיהָ מִשֶּׁלֶג צַחוּ מֵחָלָב אָדְמוּ עֶצֶם מִפְּנִינִים סַפִּיר
8 גִּזְרָתָם׃ חָשַׁךְ מִשְּׁחוֹר תָּאֳרָם לֹא נִכְּרוּ בַּחוּצוֹת צָפַד
9 עוֹרָם עַל־עַצְמָם יָבֵשׁ הָיָה כָעֵץ׃ טוֹבִים הָיוּ חַלְלֵי־חֶרֶב
י מֵחַלְלֵי רָעָב שֶׁהֵם יָזוּבוּ מְדֻקָּרִים מִתְּנוּבֹת שָׂדָי׃ יְדֵי
נָשִׁים רַחֲמָנִיּוֹת בִּשְּׁלוּ יַלְדֵיהֶן הָיוּ לְבָרוֹת לָמוֹ בְּשֶׁבֶר
11 בַּת־עַמִּי׃ כִּלָּה יְהוָה אֶת־חֲמָתוֹ שָׁפַךְ חֲרוֹן אַפּוֹ וַיַּצֶּת־
12 אֵשׁ בְּצִיּוֹן וַתֹּאכַל יְסוֹדֹתֶיהָ׃ לֹא הֶאֱמִינוּ מַלְכֵי־אֶרֶץ וְכֹל
13 יֹשְׁבֵי תֵבֵל כִּי יָבֹא צַר וְאוֹיֵב בְּשַׁעֲרֵי יְרוּשָׁלִָם׃ מֵחַטֹּאת
14 נְבִיאֶיהָ עֲוֺנֹת כֹּהֲנֶיהָ הַשֹּׁפְכִים בְּקִרְבָּהּ דַּם צַדִּיקִים׃ נָעוּ
עִוְרִים בַּחוּצוֹת נְגֹאֲלוּ בַּדָּם בְּלֹא יוּכְלוּ יִגְּעוּ בִּלְבֻשֵׁיהֶם׃
טו סוּרוּ טָמֵא קָרְאוּ לָמוֹ סוּרוּ סוּרוּ אַל־תִּגָּעוּ כִּי נָצוּ גַּם־
16 נָעוּ אָמְרוּ בַּגּוֹיִם לֹא יוֹסִיפוּ לָגוּר׃ פְּנֵי יְהוָה חִלְּקָם לֹא

דוא האסט געהערט זייערע לעסטערונג (חרפה) אונד אלע זייערע בייזע מחשבות קעגען מיר: 62 דיא ליפען פון מיינע פיינד, אונד זייער טראכטען קעגען מיר דעם גאנצען טאג: 63 קוק דאך אן זייער אנידערזעצען אונד זייער אויפשטעהן, וואָרין איך בין זייער געזאנג: 64 אָ האר, בעצאהל זייא א פערגעלטונג נאך דיא ווערק פון זייערע הענד: 65 געב צו זייא א פערשטאפונג פון הארץ, לאז דיינע קללה איבער זייא אנקומען: 66 דוא זאלסט זייא נאכיאגען דורך דעם צארן, אונד זאלסט זייא פערטילגען פון אונטער דיא הימעל א האר:

## קאפיטעל ד

1 אָ וויא איז דאס גאלד געוואָרען טונקעל! דאס בעסטע פיינגאלד איז פערענדערט געוואָרען, דיא היילינע שטיינער זענען אויסגעגאסען געוואָרען אין אלע הויפט־גאסען: 2 דיא טייערע זיהן פון ציון וואס זענען געגליכען צו פיינגאלד, וויא אזוי זענען זייא געגליכען צו ערדענע כלים, דיא האנד־ארבייט פון א טעפער: 3 אפילו דיא ים־שלאנגען ציהען ארוים דיא ברוסט זייערע יונגען אנצוזייגען, אבער דיא טאכטער פון מיין פאלק איז געוואָרען אומדערבארמדיג אזוי וויא דיא שטרוים אין דער מדבר: 4 אפילו דיא צונג פון א יונגען זייגלינג איז בעהעפט צו זיין גומען וועגען דורשט, יונגע קינדער בעטען פאר ברויט, אבער קיינער דערלאנגט (ברעכט) עס ניט צו זייא: 5 דיא וואס פלעגען עסען דעליקאטע שפייזען, ווערען פערוויסט אין דיא גאסען, דיא וואס זענען אויפגעבראכט געוואָרען אין רויט־געפארבטע (זייד) האלזען (אצונד) א מיסט־הויפען: 6 וואָרין דיא זינד פון דיא טאכטער פון מיין פאלק איז גרעסער וויא דיא זינד פון סדום וואס איז פערקעהרט געוואָרען אזוי וויא אין א רגע, אונד קיינע הענד זענען דורך איהר קראנק געוואָרען: 7 איהרע נזירים זענען געוועזען לויטערער וויא שנעע, ווייסער וויא מילך, רויטער אין געשטאלט וויא רובינען, אונד איהר גלאנץ איז געוועזען אזוי וויא א ספיר: 8 אבער זייער געשטאלט איז שווארצער וויא קוילען, זייא ווערען ניט דערקענט אין דיא גאסען, זייער הויט איז אויף זייערע ביינער איינגעשרומפען געוואָרען, עס איז פערדארט געוואָרען, אזוי טרוקען וויא האלץ: 9 דיא וואס ווערען דערשלאגען דורך דעם שווערד איז בעסער וויא דיא דערשלאגענע וועגען הונגער, וואָרין זייא רינען בלוט וויא געשטאכענע, אונד וויל עס פעהלט דיא פרוכט פון דעם פעלד: 10 דיא הענד פון דיא בארמהערציגע ווייבער האבען זייערע אייגענע קינדער געקאכט, וואס איז געוועזען זייער עסען אין דעם בראך פון דער טאכטער פון מיין פאלק: 11 גאט האט פערלענט זיין צארן, ער האט אויסגעגאסען זיין גרימצארן, אונד ער האט אנגעצינדען א פייער אין ציון, וואס האט אפילו פערברענט איהר גרונד: 12 דיא מלכים פון דער ערד אונד אלע בעוואוינער פון דער וועלט וואלטען ניט געגלויבט אז דער בעדרענגער אונד פיינד זאל קענען אריינקומען אין דיא טויערען פון ירושלים: 13 פון וועגען דיא זינד פון איהרע נביאים אונד דיא זינד פון איהרע כהנים, איז דאס בלוט פון דיא צדיקים אין איהר פערגאסען געוואָרען: 14 זייא זענען פערוואגעלט געוואָרען אין דיא גאסען אזוי וויא דיא בלינדע, זייא זענען איינגעריכט געוואָרען מיט בלוט אז מען האט זייא ניט געקענט אנריהרען אן זייערע קליידער: 15 זייא האבען אויסגערופען, קעהרט אייך אוועק, עס איז טמא, קעהרט אוועק, קעהרט אוועק, איהר זאלט ניט אנריהרען! וואָרין אפילו ווען זייא פליהען אוועק וועלען זייא אויך פערוואגעלט זיין; מען וועט זאגען צווישען דיא גוים, אז זייא טארען זיך ניט מעהר דארט אויפהאלטען: 16 דער צארן פון דעם האר האט זייא צוטיילט, ער וועט זייא ניט מעהר אנקוקען, וויל זייא

האבען

יוֹסִיף לְהַבִּיטָם פְּנֵי כֹהֲנִים לֹא נָשָׂאוּ זְקֵנִים לֹא חָנָנוּ׃
עוֹדֵינָה תִּכְלֶינָה עֵינֵינוּ אֶל־עֶזְרָתֵנוּ הָבֶל בְּצִפִּיָּתֵנוּ צִפִּינוּ 17
אֶל־גּוֹי לֹא יוֹשִׁעַ׃ צָדוּ צְעָדֵינוּ מִלֶּכֶת בִּרְחֹבֹתֵינוּ קָרַב 18
קִצֵּנוּ מָלְאוּ יָמֵינוּ כִּי־בָא קִצֵּנוּ׃ קַלִּים הָיוּ רֹדְפֵינוּ מִנִּשְׁרֵי 19
שָׁמָיִם עַל־הֶהָרִים דְּלָקֻנוּ בַּמִּדְבָּר אָרְבוּ לָנוּ׃ רוּחַ אַפֵּינוּ כ
מְשִׁיחַ יְהוָה נִלְכַּד בִּשְׁחִיתוֹתָם אֲשֶׁר אָמַרְנוּ בְּצִלּוֹ נִחְיֶה
בַגּוֹיִם׃ שִׂישִׂי וְשִׂמְחִי בַּת־אֱדוֹם יוֹשֶׁבֶת בְּאֶרֶץ עוּץ 21
גַּם־עָלַיִךְ תַּעֲבָר־כּוֹס תִּשְׁכְּרִי וְתִתְעָרִי׃ תַּם־עֲוֺנֵךְ בַּת־ 22
צִיּוֹן לֹא יוֹסִיף לְהַגְלוֹתֵךְ פָּקַד עֲוֺנֵךְ בַּת־אֱדוֹם גִּלָּה עַל־
חַטֹּאתָיִךְ׃

## ה ה

זְכֹר יְהוָה מֶה־הָיָה לָנוּ הַבִּיטָ וּרְאֵה אֶת־חֶרְפָּתֵנוּ׃ א
נַחֲלָתֵנוּ נֶהֶפְכָה לְזָרִים בָּתֵּינוּ לְנָכְרִים׃ יְתוֹמִים הָיִינוּ 2 3
אֵין אָב אִמֹּתֵינוּ כְּאַלְמָנוֹת׃ מֵימֵינוּ בְּכֶסֶף שָׁתִינוּ עֵצֵינוּ 4
בִּמְחִיר יָבֹאוּ׃ עַל צַוָּארֵנוּ נִרְדָּפְנוּ יָגַעְנוּ לֹא הוּנַח־לָנוּ׃ ה
מִצְרַיִם נָתַנּוּ יָד אַשּׁוּר לִשְׂבֹּעַ לָחֶם׃ אֲבֹתֵינוּ חָטְאוּ 6 7
אֵינָם אֲנַחְנוּ עֲוֺנֹתֵיהֶם סָבָלְנוּ׃ עֲבָדִים מָשְׁלוּ בָנוּ פֹּרֵק 8
אֵין מִיָּדָם׃ בְּנַפְשֵׁנוּ נָבִיא לַחְמֵנוּ מִפְּנֵי חֶרֶב הַמִּדְבָּר׃ 9
עוֹרֵנוּ כְּתַנּוּר נִכְמָרוּ מִפְּנֵי זַלְעֲפוֹת רָעָב׃ נָשִׁים בְּצִיּוֹן 11
עִנּוּ בְּתֻלֹת בְּעָרֵי יְהוּדָה׃ שָׂרִים בְּיָדָם נִתְלוּ פְּנֵי זְקֵנִים 12
לֹא נֶהְדָּרוּ׃ בַּחוּרִים טְחוֹן נָשָׂאוּ וּנְעָרִים בָּעֵץ כָּשָׁלוּ׃ 13
זְקֵנִים מִשַּׁעַר שָׁבָתוּ בַּחוּרִים מִנְּגִינָתָם׃ שָׁבַת מְשׂוֹשׂ 14 טו
לִבֵּנוּ נֶהְפַּךְ לְאֵבֶל מְחֹלֵנוּ׃ נָפְלָה עֲטֶרֶת רֹאשֵׁנוּ אוֹי־ 16
נָא לָנוּ כִּי חָטָאנוּ׃ עַל־זֶה הָיָה דָוֶה לִבֵּנוּ עַל־אֵלֶּה חָשְׁכוּ 17
עֵינֵינוּ׃ עַל הַר־צִיּוֹן שֶׁשָּׁמֵם שׁוּעָלִים הִלְּכוּ־בוֹ׃ אַתָּה 18 19
יְהוָה לְעוֹלָם תֵּשֵׁב כִּסְאֲךָ לְדֹר וָדוֹר׃ לָמָּה לָנֶצַח כ

האָבּען ניט געאַכטעט דאָס פּנים פון די
כּהנים, זיי האָבּען ניט פערשוינט די
עלצטע: 17 אונזערע אויגען זענען אויס־
געגאַנגען צו אונזערע הילף וואָס איז הבל,
מיר האָבען געהאָפט אין אונזערע האָפ־
נונג צו אַ פאָלק וואָס קען ניט העלפען:
18 זיי האָבען אונס נאָכגעיאָגט אין
אונזערע טריט, כּדי מיר זאָלען ניט
קענען געהן אין אונזערע גאַסען, אונזער
ענד איז נאָהענט, אונזערע טעג זענען
דערפילט געוואָרען, וואָרין אונזער ענד
איז אָנגעקומען: 19 אונזערע נאָכיאָגערס
זענען לייכטער ווי די אָדלערס פון
דעם הימעל, זיי האָבען אונס נאָכגעיאָגט
אויף די בערג, זיי האָבען אויף אונס
געלויערט אין דער מדבּר: 20 דער
אָטעם פון אונזערע נאָז, דער געזאַלבּטער
פון גאָט, איז בעצוואונגען אין זיירע גע־
צען, פון וועמען מיר האָבען געזאָגט,
מיר וועלען לעבען אונטער זיין שאָטען
צווישען די גוים: 21 פרייע דיך, אונד
זייא פרעהליך, דוא טאָכטער פון אדום,
וואָס דוא וואוינסט אין דעם לאַנד עוץ,
(וואָרין) אויך איבער דיר וועט דער כּוס איבערפאָהרען, דוא וועסט דיך אָנשכּורן אונד
וועסט נאַקעט ווערען: 22 דיינע זינד האָט זיך אויסגעלאָזט, אָ דוא טאָכטער ציון, ער
וועט דיך ניט מעהר אין גלות פיהרען, ער וועט בעשטראָפען דיינע זינד אָ דוא טאָכטער
פון אדום, ער וועט אויפדעקען דיינע זינד:

## קאפיטעל ה

1 אָ האַר, געדענק וואָס איז צו אונס געוואָרען, קוק אָן אונד זעה אונזערע חרפּה: 2 אונ־
זערע נחלה איז אַוועקגעקעהרט צו פרעמדע, אונזערע הייזער (אויך) צו פרעמדע: 3 מיר
זענען געוואָרען יתומים, אָהן אַ פאָטער, אונזערע מוטערס זענען ווי אַלמנות: 4 מיר
האָבען אונזער וואַסער געטרונקען פאַר געלד, אונזער האָלץ ווערט צו אונס אויך אַריינגע־
בּרענגט פאַר אַ בּעצאָהלונג: 5 מיר ווערען נאָכגעיאָגט איבער אונזערן האַלז, מיר
זענען מיד אָבער מען לאָזט אונס ניט רוהען: 6 מיר האָבען געגעבען די האַנד צו מצרים,
אונד צו אַשור אַז זייא זאָלען אונס זאַט מאַכען מיט ברויט: 7 אונזערע עלטערן (אָבות)
האָבען געזינדיגט, אונד זייא זענען ניט מעהר דאָ, אָבער מיר מוזען ליידען פאַר זייערע
זינד: 8 קנעכט געוועלטיגען איבער אונס, אונד עס איז קיינער ניט דאָ וואָס זאָל אונס
אויסלעזען פון זייערע הענד: 9 דורך סכּנות נפשות האָבען מיר אונזערע שפּייז אַריינגע־
בּרענגט וועגען דעם שווערד אין דער מדבּר: 10 אונזערע הויט האָט זיך דערהיצט אַזוי
ווי אַ אויבען, וועגען דעם בּרענען פון הונגער: 11 זייא האָבען געשענדעט די ווייבער
אין ציון, די יונגפרויען אין די שטעט פון יהודה: 12 די פירשטען זענען הורך זייערע
הענד אויפגעהאָנגען געוואָרען, דאָס פּנים פון די עלצטע איז ניט געאַכטעט געוואָרען:
13 די בחורים האָבען געמוסט טראָגען אין דער מיהל, אונד יונגען זענען געפאַלען אונ־
טער דעם האָלץ: 14 די עלצטע האָבען אויפגעהערט (צו זיין) ביי דעם טויער, די יונגע
קינדער פון זייער געזאַנג: 15 די פרייד פון אונזער האַרץ האָט אויפגעהערט, אונד
אונזער טאַנץ האָט זיך פערקעהרט אין טרויעריגקייט: 16 די קרוין פון אונזער קאָפּ איז
אַרופגעפאַלען, אָ וועה איז דאָך צו אונס, ווייל מיר האָבען געזינדיגט: 17 איבער דעם
דאָזיגען האָט אונס אונזער האַרץ וועה געטהון, אונד וועגען דעם זענען אונזערע אויגען
פינסטער געוואָרען: 18 ווייל דער באַרג ציון איז פערוויסט געוואָרען, אַזוי געהען די
פוקסען איבער איהם: 19 דוא, אָ האַר, וועסט אויף עביג בּלייבען, דיין טראָן־שטוהל איז
פון דור צו דור! 20 פאַרוואָס טהוסט דוא אונס אויף עביג פערגעסען? וואַרום
זאלסט

21 תִשְׁכָּחֵנוּ תַּעַזְבֵנוּ לְאֹרֶךְ יָמִים׃ הֲשִׁיבֵנוּ יְהוָה ׀ אֵלֶיךָ
22 וְנָשׁוּבָ חַדֵּשׁ יָמֵינוּ כְּקֶדֶם׃ כִּי אִם־מָאֹס מְאַסְתָּנוּ קָצַפְתָּ
עָלֵינוּ עַד־מְאֹד׃

השיבנו יהוה אליך ונשובה חדש ימינו כקדם׃ סימן ית״קק׃
סכום פסוקי איכה מאה וחמשים וארבעה. וסימנו יסע קדים
בשמים. וחציו לדכא תחת רגליו׃

---

# קהלת

---

2 א דִּבְרֵי קֹהֶלֶת בֶּן־דָּוִד מֶלֶךְ בִּירוּשָׁלָםִ׃ הֲבֵל הֲבָלִים
3 אָמַר קֹהֶלֶת הֲבֵל הֲבָלִים הַכֹּל הָבֶל׃ מַה־יִּתְרוֹן לָאָדָם
4 בְּכָל־עֲמָלוֹ שֶׁיַּעֲמֹל תַּחַת הַשָּׁמֶשׁ׃ דּוֹר הֹלֵךְ וְדוֹר בָּא
ה וְהָאָרֶץ לְעוֹלָם עֹמָדֶת׃ וְזָרַח הַשֶּׁמֶשׁ וּבָא הַשָּׁמֶשׁ וְאֶל־
6 מְקוֹמוֹ שׁוֹאֵף זוֹרֵחַ הוּא שָׁם׃ הוֹלֵךְ אֶל־דָּרוֹם וְסוֹבֵב
אֶל־צָפוֹן סוֹבֵב ׀ סֹבֵב הוֹלֵךְ הָרוּחַ וְעַל־סְבִיבֹתָיו שָׁב
7 הָרוּחַ׃ כָּל־הַנְּחָלִים הֹלְכִים אֶל־הַיָּם וְהַיָּם אֵינֶנּוּ מָלֵא
8 אֶל־מְקוֹם שֶׁהַנְּחָלִים הֹלְכִים שָׁם הֵם שָׁבִים לָלָכֶת׃ כָּל־
הַדְּבָרִים יְגֵעִים לֹא־יוּכַל אִישׁ לְדַבֵּר לֹא־תִשְׂבַּע עַיִן
9 לִרְאוֹת וְלֹא־תִמָּלֵא אֹזֶן מִשְּׁמֹעַ׃ מַה־שֶּׁהָיָה הוּא שֶׁיִּהְיֶה
וּמַה־שֶּׁנַּעֲשָׂה הוּא שֶׁיֵּעָשֶׂה וְאֵין כָּל־חָדָשׁ תַּחַת הַשָּׁמֶשׁ׃
י יֵשׁ דָּבָר שֶׁיֹּאמַר רְאֵה־זֶה חָדָשׁ הוּא כְּבָר הָיָה לְעֹלָמִים
11 אֲשֶׁר הָיָה מִלְּפָנֵנוּ׃ אֵין זִכְרוֹן לָרִאשֹׁנִים וְגַם לָאַחֲרֹנִים
שֶׁיִּהְיוּ לֹא־יִהְיֶה לָהֶם זִכָּרוֹן עִם שֶׁיִּהְיוּ לָאַחֲרֹנָה׃

זאלסט דוא אונס פערלאזען אויף אזא
לאנגע צייט? 21 קעהר אונס דאך
ווידער צו דיר א האר, אזוי וועלען
מיר זיין צוריקגעקעהרט, דערנייער
אונזערע טעג אזוי וויא פריהער:
22 האסט דוא אונס דען אים גאנצען
פערוואָרפען? האסט דוא איבער אונס
אזוי זעהר געצארנט?

השיבנו יהוה אליך ונשובה חדש ימינו כקדם:

# חזק

---

אלע פסוקים פון דעם ספר איכה זענען הונדערט אונד פיער אונד פופציג, דיא העלפט דערפון איז קאפיטעל ג׳ פסוק ל״ד, אונד האט פינף קאפיטעל:

---

# ספר קהלת

---

1 דיא ווערטער פון קהלת, זוהן פון דוד, קעניג פון ירושלים: 2 נארישקייט פון
נארישקייטען! זאגט קהלת, אלעס איז נאר נארישקייט פון נארישקייטען: 3 וואס פאר
א נוצען קומט דעם מענש ארוים פון אלע זיינע מידיגקייט וואס ער טהוט זיך בעמיהען
אונטער דער זון? 4 איין דור געהט אוועק אונד איין אנדערעס דור קומט אן,
אבער דיא ערד בעשטעהט אויף עביג: 5 דיא זון שיינט אויף אונד דיא זון געהט
אונטער, אונד איילט זיך ווידער צו קומען צו זיין ארט, אוואו ער איז דארט אויפגע־
גאנגען: 6 ער געהט אויף צו דרום־זייט, אונד רינגעלט זיך ארום צו צפון־זייט, ער
רינגעלט זיך ארום אונד ארום אונד דער ווינד קעהרט זיך ווידער צוריק נאך זיין
ארומרינגעלן: 7 אלע טייכען געהען אריין אין דעם ים, אונד דאך ווערט דאס ים
קיינמאל ניט פול, פון דעם ארט פון וואו דיא טייכען קומען דארט אהין קעהרען זייא
זיך צוריק: 8 אלע זאכען מאכען איינעם מיד, קיין מענש קען זייא ניט אויסרעדען,
דאס אויג קען ניט זאט ווערען עם אנצוזעהען, אונד דאס אויער ווערט ניט פול עם
אויסצוהערען: 9 דאס וואס איז שוין געוועזען דאס וועט נאך זיין, אונד דאס וואס איז
שוין געטהון געווארען דאס וועט נאכאמאל געטהון ווערען, אונד עס איז גאר קיין שום
נייע זאך פערהאנדען אונטער דער זון: 10 עס איז פערהאנדען א זאך פון וואס איינער
זאגט, זעה דאס איז נייא, אבער דאס איז שוין פון לאנג געוועזען, פון עביג אן איז
דאס שוין פאר אונזערע צייטען געוועזען: 11 עס איז ניט דא קיין אנדענקען פון
דיא ערשטע (זאכען), אונד עס וועט אויך קיין אנדענקען זיין פאר דיא לעצ־
טע זאכען וואס וועלען שפעטער זיין ווען זייא וועלען נאכדעם זיין:
איך

12 אִיך קֹהֶלֶת בִּין גֶעוועזֶען מֶלֶךְ אִיבֶּער
יִשְׂרָאֵל אִין יְרוּשָׁלַיִם: 13 אִיך הָאבּ
גֶעגֶעבֶּען מֵיין הַארְץ צוּ זוּכֶען אוּנְד
אוֹיסְצוּפָארְשֶׁען דוּרְך חָכְמָה אַלֶעס וָואס
עֶס וֶוערְט גֶעטְהוּן אוּנְטֶער דֶעם הִימֶעל,
אָבֶּער דָאס אִיז (אוֹיך) אַ שְׁלֶעכְטֶע זַאך,
וָואס גָאט הָאט גֶעגֶעבֶּען צוּ דִיא מֶענְ־
שֶׁען כְּדֵי זִיך דֶערְמִיט צוּ פֵּיינִיגֶען:
14 אִיך הָאבּ גֶעזֶעהֶען אַלֶע מַעֲשִׂים וָואס
וֶוערֶען גֶעטְהוּן אוּנְטֶער דִיא זוּן, אוּנְד
זֶעה, אַלֶעס אִיז נַארִישְׁקַייט אוּנְד פוּן אַ
צוּבְּרָאכֶען גֶעמִיט: 15 דָאס וָואס אִיז
פֶערְקְרִימְט קֶען נִיט גְלֵייך גֶעמַאכְט
וֶוערֶען, אוּנְד דָאס וָואס פֶעהְלְט קֶען
נִיט צוּגֶעצֵיילְט וֶוערֶען: 16 אִיך הָאבּ
גֶערֶעט מִיט מֵיין אֵייגֶען הַארְץ אַזוֹי צוּ
זָאגֶען, זֶעה אִיך בִּין גְרוֹיס גֶעוָוארֶען,
אוּנְד אִיך הָאבּ מֶעהְר חָכְמָה בֶּעקוּמֶען
פוּן אַלֶע דִיא וָואס זֶענֶען פָאר מִיר גֶע־
וֶועזֶען אִין יְרוּשָׁלַיִם, אוּנְד מֵיין הַארְץ
הָאט גֶעזֶעהֶען פִיל חָכְמָה אוּנְד וִויסֶענְ־
שַׁאפְט: 17 אוּנְד אִיך הָאבּ מֵיין הַארְץ
אַהִינְגֶעגֶעבֶּען כְּדֵי צוּ וִויסֶען חָכְמָה אוּנְד
צוּ דֶערְקֶענֶען נַארִישְׁקַייט אוּנְד מְשֻׁגַעַת,
אוּנְד אִיך הָאבּ דֶערְקֶענְט אַז דָאס אִיז אוֹיך נָאר אַ צוּבְּרָאכֶען גֶעמִיט: 18 וָוארִין אִין
פִיל חָכְמָה אִיז אוֹיך פִיל צַארְן, אוּנְד דֶער וָואס פֶערְמֶעהְרְט זִיך וִויסֶענְשַׁאפְט
פֶערְמֶעהְרְט זִיך וֶועהְטָאג:

אֲנִי קֹהֶלֶת הָיִיתִי מֶלֶךְ עַל־יִשְׂרָאֵל בִּירוּשָׁלִָם: וְנָתַתִּי 12 13
אֶת־לִבִּי לִדְרוֹשׁ וְלָתוּר בַּחָכְמָה עַל כָּל־אֲשֶׁר נַעֲשָׂה תַּחַת
הַשָּׁמָיִם הוּא ׀ עִנְיַן רָע נָתַן אֱלֹהִים לִבְנֵי הָאָדָם לַעֲנוֹת
בּוֹ: רָאִיתִי אֶת־כָּל־הַמַּעֲשִׂים שֶׁנַּעֲשׂוּ תַּחַת הַשָּׁמֶשׁ וְהִנֵּה 14
הַכֹּל הֶבֶל וּרְעוּת רוּחַ: מְעֻוָּת לֹא־יוּכַל לִתְקֹן וְחֶסְרוֹן טו
לֹא־יוּכַל לְהִמָּנוֹת: דִּבַּרְתִּי אֲנִי עִם־לִבִּי לֵאמֹר אֲנִי הִנֵּה 16
הִגְדַּלְתִּי וְהוֹסַפְתִּי חָכְמָה עַל כָּל־אֲשֶׁר־הָיָה לְפָנַי עַל־
יְרוּשָׁלִָם וְלִבִּי רָאָה הַרְבֵּה חָכְמָה וָדָעַת: וָאֶתְּנָה לִבִּי 17
לָדַעַת חָכְמָה וְדַעַת הוֹלֵלוֹת וְשִׂכְלוּת יָדַעְתִּי שֶׁגַּם־זֶה הוּא
רַעְיוֹן רוּחַ: כִּי בְּרֹב חָכְמָה רָב־כָּעַס וְיוֹסִיף דַּעַת יוֹסִיף 18
מַכְאוֹב:

ב ב

אָמַרְתִּי אֲנִי בְּלִבִּי לְכָה־נָּא אֲנַסְּכָה בְשִׂמְחָה וּרְאֵה בְטוֹב א
וְהִנֵּה גַם־הוּא הָבֶל: לִשְׂחוֹק אָמַרְתִּי מְהוֹלָל וּלְשִׂמְחָה 2
מַה־זֹּה עֹשָׂה: תַּרְתִּי בְלִבִּי לִמְשׁוֹךְ בַּיַּיִן אֶת־בְּשָׂרִי וְלִבִּי 3
נֹהֵג בַּחָכְמָה וְלֶאֱחֹז בְּסִכְלוּת עַד ׀ אֲשֶׁר־אֶרְאֶה אֵי־זֶה
טוֹב לִבְנֵי הָאָדָם אֲשֶׁר יַעֲשׂוּ תַּחַת הַשָּׁמַיִם מִסְפַּר יְמֵי
חַיֵּיהֶם: הִגְדַּלְתִּי מַעֲשָׂי בָּנִיתִי לִי בָּתִּים נָטַעְתִּי לִי כְּרָמִים: 4
עָשִׂיתִי לִי גַּנּוֹת וּפַרְדֵּסִים וְנָטַעְתִּי בָהֶם עֵץ כָּל־פֶּרִי: ה
עָשִׂיתִי לִי בְּרֵכוֹת מָיִם לְהַשְׁקוֹת מֵהֶם יַעַר צוֹמֵחַ עֵצִים: 6
קָנִיתִי עֲבָדִים וּשְׁפָחוֹת וּבְנֵי־בַיִת הָיָה לִי גַּם מִקְנֶה בָקָר 7
וָצֹאן הַרְבֵּה הָיָה לִי מִכֹּל שֶׁהָיוּ לְפָנַי בִּירוּשָׁלִָם: כָּנַסְתִּי 8
לִי גַּם־כֶּסֶף וְזָהָב וּסְגֻלַּת מְלָכִים וְהַמְּדִינוֹת עָשִׂיתִי לִי
שָׁרִים וְשָׁרוֹת וְתַעֲנוּגוֹת בְּנֵי הָאָדָם שִׁדָּה וְשִׁדּוֹת: וְגָדַלְתִּי 9
וְהוֹסַפְתִּי מִכֹּל שֶׁהָיָה לְפָנַי בִּירוּשָׁלִָם אַף חָכְמָתִי עָמְדָה
לִּי: וְכֹל אֲשֶׁר שָׁאֲלוּ עֵינַי לֹא אָצַלְתִּי מֵהֶם לֹא־מָנַעְתִּי י
אֶת־לִבִּי מִכָּל־שִׂמְחָה כִּי־לִבִּי שָׂמֵחַ מִכָּל־עֲמָלִי וְזֶה־הָיָה

## קאפיטעל ב

1 אִיך הָאבּ מִיר גֶעטְרַאכְט אִין מֵיין הַארְץ, קוּם דָאך, לָאז מִיך פְּרִיפֶען דִיא שִׂמְחָה אוּנְד
אֵיינְזֶעהֶען דָאס גוּטֶע, אָבֶּער זֶעה, דָאס אִיז אוֹיך נָאר נַארִישְׁקַייט: 2 צוּ דֶעם לַאכֶען
הָאבּ אִיך גֶעזָאגְט, דָאס אִיז מְשֻׁגַעַת, אוּנְד צוּ דֶער שִׂמְחָה, וָואס טְהוּט זִיא? 3 אִיך הָאבּ
גֶעטְרַאכְט אִין מֵיין הַארְץ, אַז אִיך וֶועל מִיך אַהִינְגֶעבֶּען (אָנְגֶעוֶוינֶען) צוּ דֶעם וויין,
אוּנְד אַז מֵיין הַארְץ זָאל זִיך נוֹהֵג זֵיין אִין דֶער חָכְמָה, אָדֶער אִיך זָאל אָנְהַאלְטֶען אָן
נַארִישְׁקַייט, בִּיז אִיך וֶועל זֶעהֶען וֶועלְכֶע זַאך עֶס אִיז בֶּעסֶער פָאר דִיא מֶענְשֶׁען־קִינְדֶער,
דָאס זַייא זָאלֶען טְהוּן אוּנְטֶער דֶעם הִימֶעל אִין דִיא צָאהְל פוּן דִיא טֶעג פוּן זַייעֶר לֶע־
בֶּען: 4 אִיך הָאבּ מֵיינֶע מַעֲשִׂים גְרוֹיס גֶעמַאכְט, אִיך הָאבּ מִיר גֶעבּוֹיעֶט הֵייזֶער, אוּנְד
הָאבּ מִיר גֶעפְּלַאנְצְט וויינְגֶערְטֶען: 5 אִיך הָאבּ מִיר גֶעמַאכְט גֶערְטֶען אוּנְד בּוֹים־
גֶערְטֶען, אוּנְד אִיך הָאבּ אִין זַייא גֶעפְּלַאנְצְט אַלֶערְלֵייא פְּרוּכְט־בֵּיימֶער: 6 אִיך הָאבּ
מִיר אוֹיך גֶעמַאכְט וַואסֶער־טֵייכֶען, פוּן זַייא צוּ בֶּעוָועסֶערְן דֶעם וַואלְד וָואס מַאכְט
דִיא בֵּיימֶער וַואקְסֶען: 7 אִיך הָאבּ מִיר אָנְגֶעשַׁאפְט קְנֶעכְט אוּנְד דִינְסְט־מֶעדְעֶן, אוּנְד
אִיך הָאבּ גֶעהַאט אַ (גְרוֹיס) הוֹיזְגֶעזִינְד, אִיך הָאבּ אוֹיך גֶעהַאט פִיל פִיך, רִינְדֶער אוּנְד
שָׁאף מֶעהְר פוּן אַלֶע וָואס זֶענֶען פָאר מִיר גֶעוֶועזֶען אִין יְרוּשָׁלַיִם: 8 אִיך הָאבּ מִיר
אוֹיך אָנְגֶעזַאמֶעלְט זִילְבֶּער אוּנְד גָאלְד אוּנְד טֵייעֶרֶע זַאכֶען פוּן מְלָכִים אוּנְד מְדִינוֹת, אִיך
הָאבּ מִיר אָנְגֶעשַׁאפְט זִינְגֶערִינְס אוּנְד זִינְגֶערְס אוּנְד אַלֶערְלֵייא תַּעֲנוּגִים פוּן דִיא
מֶענְשֶׁען־קִינְדֶער, הוֹיפֶען אִיבֶּער הוֹיפֶען: 9 אוּנְד אִיך בִּין פִיל גְרֶעסֶער גֶעוָוארֶען פוּן
אַלֶע וָואס זֶענֶען פָאר מִיר גֶעוֶועזֶען אִין יְרוּשָׁלַיִם, אוֹיך אִיז מֵיינֶע חָכְמָה בַּייא מִיר
פֶערְבְּלִיבֶּען: 10 אוּנְד אַלֶעס וָואס מֵיינֶע אוֹיגֶען הָאבֶּען נָאר פֶערְלַאנְגְט הָאבּ אִיך נִיט
פוּן זַייא צוּרִיקְגֶעהַאלְטֶען, אִיך הָאבּ נִיט פוּן מֵיין הַארְץ צוּרִיקְגֶעהַאלְטֶען קֵיינֶערְלֵייא
שִׂמְחָה, וָוארִין מֵיין הַארְץ הָאט זִיך גֶעפְרֵייט אִין אַלֶע מֵיינֶע אַרְבֵּייט, אוּנְד דָאס אִיז

גֶעוועזֶען

11 חֶלְקִי מִכָּל־עֲמָלִי׃ וּפָנִיתִי אֲנִי בְּכָל־מַעֲשַׂי שֶׁעָשׂוּ יָדַי
וּבֶעָמָל שֶׁעָמַלְתִּי לַעֲשׂוֹת וְהִנֵּה הַכֹּל הֶבֶל וּרְעוּת רוּחַ
12 וְאֵין יִתְרוֹן תַּחַת הַשָּׁמֶשׁ׃ וּפָנִיתִי אֲנִי לִרְאוֹת חָכְמָה
וְהוֹלֵלוֹת וְסִכְלוּת כִּי ׀ מֶה הָאָדָם שֶׁיָּבוֹא אַחֲרֵי הַמֶּלֶךְ
13 אֵת אֲשֶׁר־כְּבָר עָשׂוּהוּ׃ וְרָאִיתִי אָנִי שֶׁיֵּשׁ יִתְרוֹן לַחָכְמָה
14 מִן־הַסִּכְלוּת כִּיתְרוֹן הָאוֹר מִן־הַחֹשֶׁךְ׃ הֶחָכָם עֵינָיו בְּרֹאשׁוֹ
וְהַכְּסִיל בַּחֹשֶׁךְ הוֹלֵךְ וְיָדַעְתִּי גַם־אָנִי שֶׁמִּקְרֶה אֶחָד יִקְרֶה
טו אֶת־כֻּלָּם׃ וְאָמַרְתִּי אֲנִי בְּלִבִּי כְּמִקְרֵה הַכְּסִיל גַּם־אֲנִי
יִקְרֵנִי וְלָמָּה חָכַמְתִּי אֲנִי אָז יֹתֵר וְדִבַּרְתִּי בְלִבִּי שֶׁגַּם־זֶה
16 הָבֶל׃ כִּי אֵין זִכְרוֹן לֶחָכָם עִם־הַכְּסִיל לְעוֹלָם בְּשֶׁכְּבָר
הַיָּמִים הַבָּאִים הַכֹּל נִשְׁכָּח וְאֵיךְ יָמוּת הֶחָכָם עִם־הַכְּסִיל׃
17 וְשָׂנֵאתִי אֶת־הַחַיִּים כִּי רַע עָלַי הַמַּעֲשֶׂה שֶׁנַּעֲשָׂה תַּחַת
18 הַשָּׁמֶשׁ כִּי־הַכֹּל הֶבֶל וּרְעוּת רוּחַ׃ וְשָׂנֵאתִי אֲנִי אֶת־כָּל־
עֲמָלִי שֶׁאֲנִי עָמֵל תַּחַת הַשָּׁמֶשׁ שֶׁאַנִּיחֶנּוּ לָאָדָם שֶׁיִּהְיֶה
19 אַחֲרָי׃ וּמִי יוֹדֵעַ הֶחָכָם יִהְיֶה אוֹ סָכָל וְיִשְׁלַט בְּכָל־
עֲמָלִי שֶׁעָמַלְתִּי וְשֶׁחָכַמְתִּי תַּחַת הַשָּׁמֶשׁ גַּם־זֶה הָבֶל׃
כ וְסַבּוֹתִי אֲנִי לְיַאֵשׁ אֶת־לִבִּי עַל כָּל־הֶעָמָל שֶׁעָמַלְתִּי תַּחַת
21 הַשָּׁמֶשׁ׃ כִּי־יֵשׁ אָדָם שֶׁעֲמָלוֹ בְּחָכְמָה וּבְדַעַת וּבְכִשְׁרוֹן
וּלְאָדָם שֶׁלֹּא עָמַל־בּוֹ יִתְּנֶנּוּ חֶלְקוֹ גַּם־זֶה הֶבֶל וְרָעָה
22 רַבָּה׃ כִּי מֶה־הֹוֶה לָאָדָם בְּכָל־עֲמָלוֹ וּבְרַעְיוֹן לִבּוֹ שֶׁהוּא
23 עָמֵל תַּחַת הַשָּׁמֶשׁ׃ כִּי כָל־יָמָיו מַכְאֹבִים וָכַעַס עִנְיָנוֹ
24 גַּם־בַּלַּיְלָה לֹא־שָׁכַב לִבּוֹ גַּם־זֶה הֶבֶל הוּא׃ אֵין־טוֹב
בָּאָדָם שֶׁיֹּאכַל וְשָׁתָה וְהֶרְאָה אֶת־נַפְשׁוֹ טוֹב בַּעֲמָלוֹ גַּם־
כה זֹה רָאִיתִי אָנִי כִּי מִיַּד הָאֱלֹהִים הִיא׃ כִּי מִי יֹאכַל וּמִי
26 יָחוּשׁ חוּץ מִמֶּנִּי׃ כִּי לְאָדָם שֶׁטּוֹב לְפָנָיו נָתַן חָכְמָה וְדַעַת
וְשִׂמְחָה וְלַחוֹטֶא נָתַן עִנְיָן לֶאֱסֹף וְלִכְנוֹס לָתֵת לְטוֹב
לִפְנֵי הָאֱלֹהִים גַּם־זֶה הֶבֶל וּרְעוּת רוּחַ׃

געוועזן דאס חלק פון מיינע גאנצע ארבייט: 11 און דערנאך האב איך מיך געקעהרט צו אלע ארבייט וואס מיינע הענד האבען געטהון, און צו אלע בעמיהונג וואס איך האב מיך בעמיהט צו טהון, און זעה, אלעס איז נארישקייט און פון א צובראכען געמיט, און עס ניצט גארניט אונטער דער זון: 12 און איך האב מיך געקעהרט צו זעהען חכמה, און משגעת און די נארישקייט, ווארין וואס קען דען דער מענש טהון וואס קומט הינטער דעם מלך? אפילו אין דעם וואס איז שוין געטהון געווארען: 13 אזוי האב איך געזעהען אז די חכמה איז מעהר נוצליך ווי די נארישקייט, גראד אזוי פיל מעהר ווי דאס ליכט איז פון דער פינסטערניס: 14 דער חכם האט זיינע אויגען אין זיין קאפ, אבער דער נאר געהט ארום אין דער פינסטערניס, און איך האב אויך דערקענט אז איינע זאך טרעפט זייא אלע אן: 15 און איך האב געזאגט אין מיין הארץ, ווען דאס וואס טרעפט אן דעם נאר טרעפט אויך מיך אן, און פארוואס בין איך דען קליגער? אזוי האב איך געזאגט אין מיין הארץ אז דאס איז אויך נארישקייט: 16 ווארין דער חכם ווערט ניט מעהר דערמאנט ווי דער נאר אין דער עביגקייט, ווארין דאס וואס איז אצונד וועט אין שפעטערע צייטען אלעס פערגעסען ווערען, און ווי שטארבט דער חכם? גראד אזוי ווי דער נאר: 17 און איך האב דאס לעבען פיינד געהאט, ווייל די מעשים וואס ווערען געטהון אונטער די זון זענען מיר איבעל געפאלען, ווארין אלעס איז נארישקייט און פון א צובראכען געמיט: 18 און איך האב פיינד געהאט אלע מיינע בעמיהונג, מיט וואס איך האב מיך בעמיהט אונטער די זון, ווייל איך וועל עס מוזען איבערלאזען צו דעם מענש וואס וועט נאך מיר זיין: 19 און ווער ווייסט אויב ער וועט זיין א חכם אדער א נאר, און ער וועט געוועלטיגען איבער אלע מיינע בעמיהונגען וואס איך האב מיך בעמיהט, און מיט וואס איך האב מיך אויסגעקליגט אונטער דער זון, דאס איז אויך נארישקייט: 20 אזוי האב איך מיך אוועקגעקעהרט כדי איך זאל מיך ניט מיאש זיין (פערצווייפעלן) וועגען דער גאנצער בעמיהונג מיט וואס איך האב מיך בעמיהט אונטער דער זון: 21 ווארין עס איז פערהאנדען א מענש וואס בעמיהט זיך אין דער חכמה און אין וויסענשאפט, און אין רעכטשאפענהייט, און צו דעם מענש וואס האט זיך גארניט דערמיט בעמיהט דעם ווערט זיין חלק אפגעגעבען, אויך דאס איז נארישקייט און א גרויסע שלעכטע זאך: 22 ווארין וואס האט דען דער מענש פון זיינע גאנצע בעמיהונג, און פון זיין הארצ־ברעכענים מיט וואס ער האט זיך בעמיהט אונטער דער זון? 23 ווארין אלע זיינע טעג זענען אין וועהטאג און קוועלעריא, און צארן, אפילו בייא דער נאכט קען זיין הארץ ניט רוהיג ליגען, דאס איז אויך נארישקייט: 24 עס איז גארניט בעסערעס פערהאנדען פאר א מענש נייערט ער זאל עסען און טרינקען, און אז ער זאל פאר זיך אנזעהען דאס גוטע פון זיינע בעמיהונג, דאס האב איך אויך געזעהען אז עס איז פון דער האנד פון גאט: 25 ווארין ווער קען דען מעהר עסען און זיך דערצו איילען הוין מיר? 26 ווארין (גאט) געט צו אזאלכען מענש וואס איז פאר איהם גוט, חכמה און וויסענשאפט און פרייד, אבער צו דעם זינדער געט ער אזוי א פיהרונג אז ער זאל איינזאמעלן און אנשאפען, כדי עס צו געבען צו דעם וואס איז גוט פאר גאט, דאס איז אויך נארישקייט און א צובראכען געמיט:

ג

לַכֹּל זְמָן וְעֵת לְכָל־חֵפֶץ תַּחַת הַשָּׁמָיִם׃ א
עֵת לָלֶדֶת וְעֵת לָמוּת 2
עֵת לָטַעַת וְעֵת לַעֲקוֹר נָטוּעַ׃
עֵת לַהֲרוֹג וְעֵת לִרְפּוֹא 3
עֵת לִפְרוֹץ וְעֵת לִבְנוֹת׃
עֵת לִבְכּוֹת וְעֵת לִשְׂחוֹק 4
עֵת סְפוֹד וְעֵת רְקוֹד׃
עֵת לְהַשְׁלִיךְ אֲבָנִים וְעֵת כְּנוֹס אֲבָנִים ה
עֵת לַחֲבוֹק וְעֵת לִרְחֹק מֵחַבֵּק׃
עֵת לְבַקֵּשׁ וְעֵת לְאַבֵּד 6
עֵת לִשְׁמוֹר וְעֵת לְהַשְׁלִיךְ׃
עֵת לִקְרוֹעַ וְעֵת לִתְפּוֹר 7
עֵת לַחֲשׁוֹת וְעֵת לְדַבֵּר׃
עֵת לֶאֱהֹב וְעֵת לִשְׂנֹא 8
עֵת מִלְחָמָה וְעֵת שָׁלוֹם׃
מַה־יִּתְרוֹן הָעוֹשֶׂה בַּאֲשֶׁר הוּא עָמֵל׃ רָאִיתִי אֶת־הָעִנְיָן 9
אֲשֶׁר נָתַן אֱלֹהִים לִבְנֵי הָאָדָם לַעֲנוֹת בּוֹ׃ אֶת־הַכֹּל 11
עָשָׂה יָפֶה בְעִתּוֹ גַּם אֶת־הָעֹלָם נָתַן בְּלִבָּם מִבְּלִי אֲשֶׁר
לֹא־יִמְצָא הָאָדָם אֶת־הַמַּעֲשֶׂה אֲשֶׁר־עָשָׂה הָאֱלֹהִים מֵרֹאשׁ
וְעַד־סוֹף׃ יָדַעְתִּי כִּי אֵין טוֹב בָּם כִּי אִם־לִשְׂמוֹחַ וְלַעֲשׂוֹת 12
טוֹב בְּחַיָּיו׃ וְגַם כָּל־הָאָדָם שֶׁיֹּאכַל וְשָׁתָה וְרָאָה טוֹב 13
בְּכָל־עֲמָלוֹ מַתַּת אֱלֹהִים הִיא׃ יָדַעְתִּי כִּי כָּל־אֲשֶׁר יַעֲשֶׂה 14
הָאֱלֹהִים הוּא יִהְיֶה לְעוֹלָם עָלָיו אֵין לְהוֹסִיף וּמִמֶּנּוּ אֵין
לִגְרֹעַ וְהָאֱלֹהִים עָשָׂה שֶׁיִּרְאוּ מִלְּפָנָיו׃ מַה־שֶּׁהָיָה כְּבָר טו
הוּא וַאֲשֶׁר לִהְיוֹת כְּבָר הָיָה וְהָאֱלֹהִים יְבַקֵּשׁ אֶת־נִרְדָּף׃
וְעוֹד רָאִיתִי תַּחַת הַשָּׁמֶשׁ מְקוֹם הַמִּשְׁפָּט שָׁמָּה הָרֶשַׁע 16
וּמְקוֹם הַצֶּדֶק שָׁמָּה הָרָשַׁע׃ אָמַרְתִּי אֲנִי בְּלִבִּי אֶת־הַצַּדִּיק 17

## קאַפּיטעל ג

1 צוּ איטלִיכֶע זאַך איז פֶערהאַנדֶען
אַ צייט, אוּנד צוּ איטלִיכֶען פֶערלאַנגֶען
אוּנטֶער דֶעם הימֶעל׃ 2 אַ צייט
גֶעבּוֹירֶען צוּ וֶוערֶען, אוּנד אַ צייט צוּ
שְׁטאַרבֶּען; אַ צייט איינצוּפְלאַנצֶען,
אוּנד אַ צייט אוֹיסצוּרייסֶען וָואס איז
גֶעפְלאַנצְט׃ 3 אַ צייט אוֹיסצוּהַרְגֶענ׳ן,
אוּנד אַ צייט צוּ הֵיילֶען; אַ צייט אָפּ־
צוּבְּרֶעכֶען, אוּנד אַ צייט אוֹיפצוּבּוֹיעֶן׃
4 אַ צייט צוּ וויינֶען, אוּנד אַ צייט צוּ
לאַכֶען; אַ צייט צוּ קְלָאגֶען, אוּנד אַ
צייט צוּ טאַנצֶען׃ 5 אַ צייט שְׁטֵיינֶער
אַוֶועקצוּוואַרפֶען, אוּנד אַ צייט שְׁטֵיינֶער
איינצוּזאַמֶעלְן; אַ צייט אוּמצוּהאַלזֶען,
אוּנד אַ צייט זיך צוּ דֶערְוֵייטֶערְן פוּן
אוּמצוּהאַלזֶען׃ 6 אַ צייט צוּ זוּכֶען,
אוּנד אַ צייט צוּ פֶערלִירֶען; אַ צייט
צוּ היטֶען, אוּנד אַ צייט אַוֶועקצוּ־
וואַרפֶען׃ 7 אַ צייט צוּ צוּרייסֶען,
אוּנד אַ צייט צוּם צוּנֵייעֶן; אַ צייט
שְׁטִיל צוּ שְׁווייגֶען, אוּנד אַ צייט צוּ רֶעדֶען׃ 8 אַ צייט צוּ לִיבֶּען, אוּנד
אַ צייט צוּ האַסֶען; אַ צייט מִלְחָמָה צוּ האַלטֶען, אוּנד אַ צייט צוּ הָאבֶּען
שָׁלוֹם׃ 9 וָואס פאַר אַ נוּצֶען הָאט דֶער וָואס אַרבֵּייט אין דֶעם וָואס עֶר
בֶּעמִיהְט זיך? 10 איך הָאבּ גֶעזֶעהֶען דֶעם עִנְיָן וָואס גָאט הָאט גֶעגֶעבֶּען
צוּ דיא מֶענְשֶׁען־קִינְדֶער כְּדֵי זיך דֶער־מִיט צוּ פֵּייניגֶען׃ 11 עֶר הָאט אַלֶעם
גֶעמאַכְט שֶׁעהְן אין זֵיינֶער צייט, עֶר הָאט אֲפִילוּ דיא וֶועלט (זאַכֶען) גֶעגֶע־
בֶּען אין זֵייעֶר הַאַרְץ, כְּדֵי קֵיין מֶענְשׁ זָאל נִיט קֶענֶען אוֹיסגֶעפִינֶען דיא
מַעֲשִׂים וָואס גָאט הָאט גֶעטְהוּן פוּן דֶעם אָנְפאַנְג בִּיז צוּם סוֹף׃ 12 איך
ווייס אַז עֶס איז נִיט דָא קֵיין גוּטֶעס אין זֵייא, נֵייעֶרְט אַז אַ מֶענְשׁ זָאל
זיך פְרֵייעֶן אוּנד גוּטֶעס טְהוּן בֵּייא זֵיין לֶעבֶּען׃ 13 אוּנד אוֹיךְ אַז איטְלִי־
כֶער מֶענְשׁ זָאל עֶסֶען אוּנד טְרִינְקֶען, אוּנד זָאל זֶעהֶען דָאס גוּטֶע פוּן אַלֶע
זֵיינֶע אַרְבֵּייט, דָאס איז אַ גָאבּ פוּן גָאט׃ 14 איך ווייס אַז אַלֶעם וָואס
גָאט טְהוּט, דָאס וֶועט בְּלֵייבֶּען אוֹיף עֶבִּיג, צוּ דֶעם קֶען גָארְנִיט צוּגֶעטְהוּן
וֶוערֶען, אוּנד דֶערְפוּן קֶען נִיט גֶעמִינֶערְט וֶוערֶען, אוּנד דָאס טְהוּט גָאט
כְּדֵי (דיא מֶענְשֶׁען) זָאלֶען פָאר אִיהְם מוֹרָא הָאבֶּען׃ 15 דָאס וָואס איז
שׁוֹין גֶעוֶועזֶען איז אַצוּנְד, אוּנד דָאס וָואס וֶועט עֶרְשְׁט זֵיין איז אוֹיךְ שׁוֹין
גֶעוֶועזֶען, אוּנד גָאט זוּכְט דָאס וָואס איז פֶערְיָאגְט גֶעוָוארֶען׃ 16 אוּנד
איך הָאבּ נָאךְ גֶעזֶעהֶען אוּנְטֶער דֶער זוּן דֶעם אָרְט פוּן מִשְׁפָּט, דָארְט איז
גֶעוֶועזֶען דָאס רִשְׁעָת, אוּנד דֶעם אָרְט פוּן גֶערֶעכְטִיגְקֵייט, אוּנד דָארְט איז
אוֹיךְ גֶעוֶועזֶען דָאס רִשְׁעָת׃ 17 איך הָאבּ גֶעזָאגְט אין מֵיין הַאַרְץ, גָאט
זָאל מִשְׁפָּט׳ן דֶעם צַדִּיק מִיט דֶעם רָשָׁע, וָוארין עֶס איז פֶערהאַנדֶען אַ

וְאֶת־הָרָשָׁע יִשְׁפֹּט הָאֱלֹהִים כִּי־עֵת לְכָל־חֵפֶץ וְעַל כָּל־
18 הַמַּעֲשֶׂה שָׁם׃ אָמַרְתִּי אֲנִי בְּלִבִּי עַל־דִּבְרַת בְּנֵי הָאָדָם
19 לְבָרָם הָאֱלֹהִים וְלִרְאוֹת שְׁהֶם־בְּהֵמָה הֵמָּה לָהֶם׃ כִּי
מִקְרֶה בְנֵי־הָאָדָם וּמִקְרֶה הַבְּהֵמָה וּמִקְרֶה אֶחָד לָהֶם
כְּמוֹת זֶה כֵּן מוֹת זֶה וְרוּחַ אֶחָד לַכֹּל וּמוֹתַר הָאָדָם מִן־
כ הַבְּהֵמָה אָיִן כִּי הַכֹּל הָבֶל׃ הַכֹּל הוֹלֵךְ אֶל־מָקוֹם אֶחָד
21 הַכֹּל הָיָה מִן־הֶעָפָר וְהַכֹּל שָׁב אֶל־הֶעָפָר׃ מִי יוֹדֵעַ רוּחַ
בְּנֵי הָאָדָם הָעֹלָה הִיא לְמָעְלָה וְרוּחַ הַבְּהֵמָה הַיֹּרֶדֶת
22 הִיא לְמַטָּה לָאָרֶץ׃ וְרָאִיתִי כִּי אֵין טוֹב מֵאֲשֶׁר יִשְׂמַח
הָאָדָם בְּמַעֲשָׂיו כִּי־הוּא חֶלְקוֹ כִּי מִי יְבִיאֶנּוּ לִרְאוֹת בְּמֶה
שֶׁיִּהְיֶה אַחֲרָיו׃

## ד

א וְשַׁבְתִּי אֲנִי וָאֶרְאֶה אֶת־כָּל־הָעֲשֻׁקִים אֲשֶׁר נַעֲשִׂים תַּחַת
הַשָּׁמֶשׁ וְהִנֵּה ׀ דִּמְעַת הָעֲשֻׁקִים וְאֵין לָהֶם מְנַחֵם וּמִיַּד
2 עֹשְׁקֵיהֶם כֹּחַ וְאֵין לָהֶם מְנַחֵם׃ וְשַׁבֵּחַ אֲנִי אֶת־הַמֵּתִים
3 שֶׁכְּבָר מֵתוּ מִן־הַחַיִּים אֲשֶׁר הֵמָּה חַיִּים עֲדֶנָה׃ וְטוֹב
מִשְּׁנֵיהֶם אֵת אֲשֶׁר־עֲדֶן לֹא הָיָה אֲשֶׁר לֹא־רָאָה אֶת־
4 הַמַּעֲשֶׂה הָרָע אֲשֶׁר נַעֲשָׂה תַּחַת הַשָּׁמֶשׁ׃ וְרָאִיתִי אֲנִי
אֶת־כָּל־עָמָל וְאֵת כָּל־כִּשְׁרוֹן הַמַּעֲשֶׂה כִּי הִיא קִנְאַת־אִישׁ
ה מֵרֵעֵהוּ גַּם־זֶה הֶבֶל וּרְעוּת רוּחַ׃ הַכְּסִיל חֹבֵק אֶת־יָדָיו
6 וְאֹכֵל אֶת־בְּשָׂרוֹ׃ טוֹב מְלֹא כַף נָחַת מִמְּלֹא חָפְנַיִם עָמָל
7 8 וּרְעוּת רוּחַ׃ וְשַׁבְתִּי אֲנִי וָאֶרְאֶה הֶבֶל תַּחַת הַשָּׁמֶשׁ׃ יֵשׁ
אֶחָד וְאֵין שֵׁנִי גַּם בֵּן וָאָח אֵין־לוֹ וְאֵין קֵץ לְכָל־עֲמָלוֹ גַּם־
עֵינָיו לֹא־תִשְׂבַּע עֹשֶׁר וּלְמִי ׀ אֲנִי עָמֵל וּמְחַסֵּר אֶת־נַפְשִׁי
9 מִטּוֹבָה גַּם־זֶה הֶבֶל וְעִנְיַן רָע הוּא׃ טוֹבִים הַשְּׁנַיִם מִן־
י הָאֶחָד אֲשֶׁר יֵשׁ־לָהֶם שָׂכָר טוֹב בַּעֲמָלָם׃ כִּי אִם־יִפֹּלוּ
הָאֶחָד יָקִים אֶת־חֲבֵרוֹ וְאִילוֹ הָאֶחָד שֶׁיִּפּוֹל וְאֵין שֵׁנִי

צייט פַאר אַלֶע זאַכֶען, אוּנד פַאר אַלֶע
מַעֲשִׂים דָארְטֶען׃ 18 אִיךְ הָאבּ גֶעזָאגְט
אִין מֵיין הַארְץ וֶועגֶען דִיא מֶענְשֶׁען־
קִינְדֶער, כְּדֵי גָאט זָאל עֶס צוּ זֵייא
קְלָאר מַאכֶען, אוּנד אַז זֵייא זָאלֶען אַלֵיין
אֵיינְזֶעהֶען אַז זֵייא זֶענֶען גְרָאד אַזוֹי
וִויא דִיא בְּהֵמָה׃ 19 וָוארִין דָאס וָואס
טְרֶעפְט אָן דִיא מֶענְשֶׁען־קִינְדֶער טְרֶעפְט
אוֹיךְ אָן דִיא בְּהֵמָה, אוּנד אֵיין בֶּעגֶעגְנִים
אִיז צוּ זֵייא (בֵּיידֶע), אַזוֹי וִויא דֶער
שְׁטַארְבְּט אַזוֹי שְׁטַארְבְּט אוֹיךְ יֶענֶער,
אוּנד אֵיין גֵייסְט אִיז צוּ אַלֶע, אוּנד וָואס
אִיז דֶער מֶענְשׁ מֶעהְר פוּן דֶער בְּהֵמָה?
גָארְנִיט! וָוארִין אַלֶעס אִיז נַארִישְׁקֵייט׃
20 אַלֶעס גֶעהְט צוּ אֵיין אָרְט, אוּנד
אַלֶע זֶענֶען גֶעקוּמֶען פוּן דֶעם שְׁטוֹיבּ,
אוּנד אַלֶעס קֶעהְרְט צוּרִיק צוּ דֶעם
שְׁטוֹיבּ׃ 21 וֶוער וֵייסְט דֶעם גֵייסְט פוּן
דִיא מֶענְשֶׁען קִינְדֶער וָואס גֶעהְט אַרוֹיף
נָאךְ אוֹיבֶּען, אוּנד דֶעם גֵייסְט פוּן דִיא
בְּהֵמָה וָואס נִידֶערְט אַרוּפּ צוּ דֶער
עֶרְד? 22 אַזוֹי הָאבּ אִיךְ אֵיינְגֶעזֶעהֶען
אַז עֶס אִיז גָארְנִיט בֶּעסֶערְס פֶערְהַאנְדֶען
נֵייעֶרְט אַז דֶער מֶענְשׁ זָאל זִיךְ פְרֵייעֶן
מִיט זֵיינֶע אֵייגֶענֶע אַרְבֵּייט, וָוארִין דָאס אִיז זֵיין חֵלֶק, וָוארִין וֶוער וֶועט אִיהְם בְּרֶענְגֶען
צוּ זֶעהֶען וָואס עֶס וֶועט נָאךְ אִיהְם זֵיין?

## קאפיטעל ד

1 אוּנד אִיךְ הָאבּ מִיךְ צוּרִיקְגֶעקֶעהְרְט, אוּנד אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען אַלֶע אוּנְטֶערְדְרִיקוּנְ־
גֶען וָואס וֶוערֶען גֶעטְהוּן אוּנְטֶער דֶער זוּן, אוּנד זֶעה, דִיא טְרֶערֶען פוּן דִיא וָואס
זֶענֶען אוּנְטֶערְדְרִיקְט, אוּנד זֵייא הָאבֶּען נִיט גֶעהַאט אַ טְרֶעסְטֶער, אוּנד דִיא וָואס
הָאבֶּען זֵייא אוּנְטֶערְדְרִיקְט הָאבֶּען אַ כֹּחַ, אָבֶּער זֵייא הָאבֶּען נִיט גֶעהַאט קֵיין
טְרֶעסְטֶער׃ 2 אַזוֹי הָאבּ אִיךְ גֶעלוֹיבְּט דִיא טוֹיטֶע וָואס זֶענֶען שׁוֹין פוּן לַאנְג טוֹיט
מֶעהְר וִויא דִיא לֶעבֶּעדִיגֶע וָואס לֶעבֶּען נָאךְ׃ 3 אָבֶּער בֶּעסֶער פוּן זֵייא בֵּיידֶע אִיז
דֶער וָואס אִיז נָאךְ נִיט גֶעוֶועזֶען (אוֹיף דֶער וֶועלְט), וָואס הָאט נָאךְ נִיט גֶעזֶעהֶען דִיא
שְׁלֶעכְטֶע מַעֲשִׂים וָואס וֶוערֶען גֶעטְהוּן אוּנְטֶער דִיא זוּן׃ 4 אוּנד אִיךְ הָאבּ (וֵוייטֶער)
גֶעזֶעהֶען דִיא גַאנְצֶע בֶּעמִיהוּנְג, אוּנד אִיטְלִיכֶע רֶעכְטְשַׁאפֶענֶע זַאךְ פוּן דֶער אַרְבֵּייט,
אַז וֶועגֶען דֶעם אִיז אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערְן מְקַנֵא, אוֹיךְ דָאס אִיז נַארִישְׁקֵייט אוּנד אַ
צוּבְּרָאכֶענֶעם גֶעמִיט׃ 5 דֶער נַאר לֶעגְט צוּזַאמֶען זֵיינֶע הֶענְד אוּנד עֶסְט זֵיין אֵייגֶע־
נֶעם פְלֵיישׁ׃ 6 עֶס אִיז בֶּעסֶער צוּ הָאבֶּען אַ הַאנְד־פוּל (אַ בִּיסֶעלֶע) מִיט נַחַת רוּחַ,
אֵיידֶער צוּ הָאבֶּען בֵּיידֶע הֶענְד פוּל מִיט מִידִיגְקֵייט אוּנד אַ צוּבְּרָאכֶען גֶעמִיט׃
7 אוּנד אִיךְ הָאבּ מִיךְ וִוידֶער אוּמְגֶעקֶעהְרְט, אוּנד אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען דִיא נַארִישְׁקֵייט
אוּנְטֶער דִיא זוּן׃ 8 עֶס אִיז פֶערְהַאנְדֶען אַ מֶענְשׁ אַלֵיין, אוּנד עֶס אִיז נִיט דָא אַ
צְוֵוייטֶער צוּ אִיהְם, עֶר הָאט אוֹיךְ נִיט קֵיין זוּהְן אוּנד קֵיין בְּרוּדֶער, אוּנד דָאךְ אִיז
נִיט דָא קֵיין סוֹף צוּ זֵיינֶע אַרְבֵּייט, אוֹיךְ אִיז זֵיין אוֹיג נִיט זַאט פוּן דֶעם עֲשִׁירוּת
(וָואס עֶר הָאט), (עֶר טְרַאכְט) פַאר וֶועמֶען בֶּעמִיה אִיךְ מִיךְ, אוּנד אִיךְ לָאז
מִיר אַלֵיין פֶעהְלֶען פוּן דֶעם גוּטֶען? אוֹיךְ דָאס אִיז נַארִישְׁקֵייט אוּנד דָאס
אִיז אַ שְׁלֶעכְטֶער עִנְיָן׃ 9 צְווֵייא זֶענֶען בֶּעסֶער וִויא אֵיינֶער, וֵוייל זֵייא
הָאבֶּען אַ גוּטֶען שְׂכַר פַאר זֵיירֶע אַרְבֵּייט׃ 10 וָוארִין וֶוען זֵייא פַאלֶען,
אַזוֹי וֶועט אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערְן הֶעלְפֶען אוֹיפְשְׁטֶעהְן, אָבֶּער וֶועה צוּ דֶעם
וָואס אִיז גַאנְץ אַלֵיין, וָוארִין וֶוען עֶר פַאלְט, אַזוֹי הָאט עֶר נִיט קֵיינֶעם

וואס

וואס זאל איהם העלפען אויפצושטעהן:
11 אונד אויך ווען צווייא ליגען צוזאמען
אזוי ווערען זייא ווארם, אבער וויא קען
איינער אליין ווארם ווערען? 12 אונד ווען
איינער קומט איינעם בייא, אזוי וועלען
זיך צווייא קענען איהם אויפשטעלען,
וואָרין א דרייא־פאכעם שנירעל קען ניט
געשווינד צוריסען ווערען: 13 עס איז
בעסער איין ארעמעס אונד קלוגעס קינד,
איידער איין אלטער מלך וואס איז א נאר,
וואס ווייסט ניט מעהר צו ווארענען:
14 וואָרין ער קומט ארויס פון דעם גע־
פענגניס צו רעגירען, וואָרין אפילו דער
וואס איז אין זיין קעניגרייך ווערט געבוי־
רען ארעם: 15 איך האב געזעהען אלע
לעבעדיגע ארומגעהן אונטער דער זון
מיט איין אנדערן קינד וואס וועט אויפ־
שטעהן אויף זיינע שטעל: 16 עס איז קיין
סוף צו דעם גאנצען פאלק, אפילו צו אלע
וואס זענען געוועזען פאר זייא, אפילו דיא
וואס וועלען נאך זייא קומען וועלען זיך
אויך ניט אין איהם פרייען וואָרין אויך
דאס איז נארישקייט אונד א צובראכען
געמיט: 17 היט דיין פוס ווען דוא געהסט
אריין אין גאט'ס הויז, אונד זייא נאהענטער צו הערען איידער צו געבען דאס קרבן פון
דיא נארונעס, וואָרין זייא וויסען ניט אז זייא טהון שלעכטעס:

להקימו: גם אם־ישכבו שנים וחם להם ולאחד איך 11
יחם: ואם־יתקפו האחד השנים יעמדו נגדו והחוט 12
המשלש לא במהרה ינתק: טוב ילד מסכן וחכם ממלך 13
זקן וכסיל אשר לא־ידע להזהר עוד: כי־מבית הסורים 14
יצא למלך כי גם במלכותו נולד רש: ראיתי את־כל־ טו
החיים המהלכים תחת השמש עם הילד השני אשר
יעמד תחתיו: אין־קץ לכל־העם לכל אשר־היה לפניהם 16
גם האחרונים לא ישמחו־בו כי־גם־זה הבל ורעיון רוח:
שמר רגליך כאשר תלך אל־בית האלהים וקרוב לשמע 17
מתת הכסילים זבח כי־אינם יודעים לעשות רע:

ה

אל־תבהל על־פיך ולבך אל־ימהר להוציא דבר לפני א
האלהים כי האלהים בשמים ואתה על־הארץ על־כן
יהיו דבריך מעטים: כי בא החלום ברב ענין וקול כסיל 2
ברב דברים: כאשר תדר נדר לאלהים אל־תאחר לשלמו 3
כי אין חפץ בכסילים את אשר־תדר שלם: טוב אשר 4
לא־תדר משתדור ולא תשלם: אל־תתן את־פיך לחטיא ה
את־בשרך ואל־תאמר לפני המלאך כי שגגה היא למה
יקצף האלהים על־קולך וחבל את־מעשה ידיך: כי ברב 6
חלמות והבלים ודברים הרבה כי את־האלהים ירא:
אם־עשק רש וגזל משפט וצדק תראה במדינה אל־ 7
תתמה על־החפץ כי גבה מעל גבה שמר וגבהים עליהם:
ויתרון ארץ בכל היא מלך לשדה נעבד: אהב כסף לא־ 8 9
ישבע כסף ומי־אהב בהמון לא תבואה גם־זה הבל:
ברבות הטובה רבו אוכליה ומה־כשרון לבעליה כי י
אם־ראית עיניו: מתוקה שנת העבד אם־מעט ואם־ 11
הרבה יאכל והשבע לעשיר איננו מניח לו לישון: יש 12

## קאפיטעל ה

1 דוא זאלסט דיך ניט איילען מיט דיין מויל, אונד לאז ניט דיין הארץ געשווינד זיין א
ווארט ארויס צוברענגען פאר גאט, וואָרין גאט איז אין דעם הימעל אונד דוא ביזט אויף
דער ערד, דאריבער לאזען דיינע ווערטער זיין (גאנץ) ווייניג: 2 וואָרין א חלום קומט
דורך פילע ענינים, אונד דאס קול פון א נאר ווערט בעקאנט דורך פילע ווערטער: 3 ווען
דוא וועסט טהון א נדר צו גאט אזוי זאלסט דוא ניט פערזוימען איהם צו בעצאלען, וואָרין
ער האט קיינע לוסט אן דיא נארונים, אבער וואס דוא האסט מנדר געוועזען דאס זאלסט
דוא בעצאלען: 4 עס איז בעסער אז דוא זאלסט ניט מנדר זיין איידער דוא זאלסט מנדר
זיין אונד ניט בעצאלען: 5 דוא זאלסט ניט צו לאזען אז דיין מויל זאל מאכען זינדיגען
דיין לייב, אונד דוא זאלסט אויך ניט זאגען פאר דעם מלאך אז עס איז געוועזען איין
אירטום (שוגג), פארוואס זאל גאט צארנען איבער דיין קול אונד פערדארבען דיא
מעשים פון דיינע הענד? 6 וואָרין דורך פילע חלומות אונד פילע ווערטער זענען אויך
נארישקייטען, אבער דוא זאלסט מורא האבען פאר גאט: 7 ווען דוא זעהסט דיא אונ־
טערדריקונג פון דעם ארעמען, אונד גזלנות אין דעם משפט, אונד גערעכטיגקייט אין א
מדינה, אזוי זאלסט דוא דיך ניט וואונדערן איבער דער זאך, וואָרין דער וואס איז העכער
פון דעם הויכען היט דיא זאך, אונד ער איז העכער איבער זייא: 8 אבער דיא פער־
מעהרונג (דיא תבואה) פון דעם לאנד איז פאר אלע, אפילו דער מלך ווערט בעדינט
פון דעם פעלד: 9 דער וואס ליבט געלד דער ווערט ניט זאט פון געלד, אויך ניט
דער וואס ליבט רייכטום ער וועט ניט האבען קיין איינקומען תבואה; אויך דאס
איז נארישקייט: 10 ווען דאס גוטע פערמעהרט זיך אזוי פערמעהרען זיך אויך
דיא וואס עסען עס, אבער וואס פאר א גוטעס איז דאס צו דיא איינגענטימער?
נייערט אז ער זעהט עס נאר אן מיט זיינע אויגען: 11 דער שלאף פון דעם
ארבייטער איז זיס, אויב ער עסט ווייניג אדער פיל, אבער דיא זאטקייט
פון דעם רייכען געט איהם ניט קיינע מנוחה צו שלאפען: 12 עס איז פערהאנדען א

שלעכטע

רָעָה חוֹלָה רָאִיתִי תַּחַת הַשָּׁמֶשׁ עֹשֶׁר שָׁמוּר לִבְעָלָיו
13 לְרָעָתוֹ׃ וְאָבַד הָעֹשֶׁר הַהוּא בְּעִנְיַן רָע וְהוֹלִיד בֵּן וְאֵין
14 בְּיָדוֹ מְאוּמָה׃ כַּאֲשֶׁר יָצָא מִבֶּטֶן אִמּוֹ עָרוֹם יָשׁוּב לָלֶכֶת
טו כְּשֶׁבָּא וּמְאוּמָה לֹא־יִשָּׂא בַעֲמָלוֹ שֶׁיֹּלֵךְ בְּיָדוֹ׃ וְגַם־זֹה
רָעָה חוֹלָה כָּל־עֻמַּת שֶׁבָּא כֵּן יֵלֵךְ וּמַה־יִּתְרוֹן לוֹ שֶׁיַּעֲמֹל
16 לָרוּחַ׃ גַּם כָּל־יָמָיו בַּחֹשֶׁךְ יֹאכֵל וְכָעַס הַרְבֵּה וְחָלְיוֹ
17 וָקָצֶף׃ הִנֵּה אֲשֶׁר־רָאִיתִי אָנִי טוֹב אֲשֶׁר־יָפֶה לֶאֱכוֹל
וְלִשְׁתּוֹת וְלִרְאוֹת טוֹבָה בְּכָל־עֲמָלוֹ ׀ שֶׁיַּעֲמֹל תַּחַת־הַשֶּׁמֶשׁ
מִסְפַּר יְמֵי־חַיָּו אֲשֶׁר־נָתַן־לוֹ הָאֱלֹהִים כִּי־הוּא חֶלְקוֹ׃
18 גַּם כָּל־הָאָדָם אֲשֶׁר נָתַן־לוֹ הָאֱלֹהִים עֹשֶׁר וּנְכָסִים
וְהִשְׁלִיטוֹ לֶאֱכֹל מִמֶּנּוּ וְלָשֵׂאת אֶת־חֶלְקוֹ וְלִשְׂמֹחַ בַּעֲמָלוֹ
19 זֹה מַתַּת אֱלֹהִים הִיא׃ כִּי לֹא הַרְבֵּה יִזְכֹּר אֶת־יְמֵי חַיָּיו
כִּי הָאֱלֹהִים מַעֲנֶה בְּשִׂמְחַת לִבּוֹ׃

ו ו

א יֵשׁ רָעָה אֲשֶׁר רָאִיתִי תַּחַת הַשָּׁמֶשׁ וְרַבָּה הִיא עַל־הָאָדָם׃
2 אִישׁ אֲשֶׁר יִתֶּן־לוֹ הָאֱלֹהִים עֹשֶׁר וּנְכָסִים וְכָבוֹד וְאֵינֶנּוּ
חָסֵר לְנַפְשׁוֹ ׀ מִכֹּל אֲשֶׁר־יִתְאַוֶּה וְלֹא־יַשְׁלִיטֶנּוּ הָאֱלֹהִים
לֶאֱכֹל מִמֶּנּוּ כִּי אִישׁ נָכְרִי יֹאכְלֶנּוּ זֶה הֶבֶל וָחֳלִי רָע הוּא׃
3 אִם־יוֹלִיד אִישׁ מֵאָה וְשָׁנִים רַבּוֹת יִחְיֶה וְרַב ׀ שֶׁיִּהְיוּ
יְמֵי־שָׁנָיו וְנַפְשׁוֹ לֹא־תִשְׂבַּע מִן־הַטּוֹבָה וְגַם־קְבוּרָה לֹא־
4 הָיְתָה לּוֹ אָמַרְתִּי טוֹב מִמֶּנּוּ הַנָּפֶל׃ כִּי־בַהֶבֶל בָּא וּבַחֹשֶׁךְ
ה יֵלֵךְ וּבַחֹשֶׁךְ שְׁמוֹ יְכֻסֶּה׃ גַּם־שֶׁמֶשׁ לֹא־רָאָה וְלֹא יָדָע
6 נַחַת לָזֶה מִזֶּה׃ וְאִלּוּ חָיָה אֶלֶף שָׁנִים פַּעֲמַיִם וְטוֹבָה
7 לֹא רָאָה הֲלֹא אֶל־מָקוֹם אֶחָד הַכֹּל הוֹלֵךְ׃ כָּל־עֲמַל הָאָדָם
8 לְפִיהוּ וְגַם־הַנֶּפֶשׁ לֹא תִמָּלֵא׃ כִּי מַה־יּוֹתֵר לֶחָכָם מִן־
9 הַכְּסִיל מַה־לֶּעָנִי יוֹדֵעַ לַהֲלֹךְ נֶגֶד הַחַיִּים׃ טוֹב מַרְאֵה
י עֵינַיִם מֵהֲלָךְ־נָפֶשׁ גַּם־זֶה הֶבֶל וּרְעוּת רוּחַ׃ מַה־שֶּׁהָיָה

שְׁלֶעכְטֶע קְרַאנְקְהֵייט וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען אוּנְטֶער דֶער זוּן, אוּנְד דָאס אִיז, עַשִׁירוּת וָואס וֶוערְט גֶעהִיט פַאר זֵיין אֵייגֶענְטִימֶער צוּ זֵיין אֵייגֶען אוּמְגְלִיק׃ 13 אוּנְד דָאס דָאזִיגֶע עַשִׁירוּת וֶוערְט פֶערְלוֹירֶען דוּרְךְ אַ שְׁלֶעכְטֶעס אוּנְטֶערְנֶעהְמֶען, אוּנְד וֶוען עֶר גֶעוִוינְט אַ זוּהְן אַזוֹי בְּלֵייבְּט גָארְנִיט אִין זֵיינֶע הַאנְד (פַאר אִיהְם)׃ 14 אַזוֹי נַאקֶעט וִויא עֶר אִיז אַרוֹיסְגֶעקוּמֶען פוּן זֵיין מוּטֶער'ס בּוֹיךְ אַזוֹי וֶועט עֶר וִוידֶער אַוֶועקְגֶעהְן גְרָאד אַזוֹי וִויא עֶר אִיז גֶעקוּמֶען, עֶר וֶועט גָארְנִיט מִיט נֶעמֶען אִין זֵיינֶע הַאנְד פוּן זֵיינֶע אַרְבֵּייט וֶוען עֶר גֶעהְט אַוֶועק׃ 15 אוּנְד דָאס אִיז אוֹיךְ אַ שְׁלֶעכְטֶע קְרֶענְק, דָאס גְרָאד אַזוֹי וִויא עֶר קוּמְט אַזוֹי גֶעהְט עֶר אַוֶועק, אוּנְד וָואס נִיצְט עֶס צוּ דֶעם וָואס הָאט גֶעאַרְבֵּייט צוּ דֶעם ווִינְד? 16 עֶר עֶסְט אוֹיךְ אַלֶע זֵיינֶע טֶעג אִין דֶער פִינְסְטֶערְנִיס מִיט פִיל עֶרְגֶערְנִיס אוּנְד קְרַאנְקְהֵייט אוּנְד מִיט צָארְן׃ 17 זֶעה, דָאס וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען, עֶס אִיז גוּט אוּנְד שֶׁעהְן אַז אֵיינֶער זָאל עֶסֶען אוּנְד טְרִינְקֶען אוּנְד אָנְזֶעהֶען דָאס גוּטֶע פוּן אַלֶע זֵיינֶע אַרְבֵּייט מִיט וָואס עֶר הָאט זִיךְ בֶּעמִיהְט אוּנְטֶער דֶער זוּן, אִין דִיא פָאר טֶעג פוּן זֵיין לֶעבֶּען וָואס גָאט הָאט צוּ אִיהְם גֶעגֶעבֶּען, וָוארִין דָאס אִיז זֵיין חֵלֶק׃ 18 אוֹיךְ אִיטְלִיכֶער מֶענְשׁ צוּ וֶועמֶען גָאט הָאט גֶעגֶעבֶּען רֵייכְטוּם אוּנְד גִיטֶער, אוּנְד עֶר הָאט מַאכְט דֶערְפוּן צוּ עֶסֶען אוּנְד אָנְצוּנֶעמֶען זֵיין חֵלֶק, אוּנְד זִיךְ צוּ פְרֵייעֶן אִין זֵיינֶע אַרְבֵּייט, יוֹא, דָאס אִיז אַ גָאבּ פוּן גָאט׃ 19 וָוארִין עֶר וֶועט נִיט פִיל גֶעדֶענְקֶען אָן דִיא טֶעג פוּן זֵיין לֶעבֶּען, וָוארִין גָאט עֶנְטְפֶערְט אִיהְם אִין דִיא פְרֵייד פוּן זֵיין הַארְץ׃

## קאפיטעל ו

1 עֶס אִיז פֶערְהַאנְדֶען אַ שְׁלֶעכְטֶעס וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען אוּנְטֶער דֶער זוּן, אוּנְד דָאס (אִיז צוּ זֶעהֶען) פִיל צְוִוישֶׁען דִיא מֶענְשֶׁען׃ 2 אַ מֶענְשׁ צוּ וֶועמֶען גָאט הָאט גֶעגֶעבֶּען עַשִׁירוּת, אוּנְד גִיטֶער, אוּנְד כָּבוֹד, אַזוֹי דָאס עֶס פֶעהְלְט אִיהְם גָארְנִיט פוּן אַלֶעם וָואס עֶר גְלוּסְט, אָבֶּער דָאךְ הָאט אִיהְם גָאט נִיט גֶעגֶעבֶּען אַ מַאכְט דֶערְפוּן צוּ עֶסֶען, נֵייעֶרְט אַ (גַאנְץ) פְרֶעמְדֶער מֶענְשׁ עֶסְט עֶס, דָאס אִיז אַ נַארִישְׁקֵייט אוּנְד אַ שְׁלֶעכְטֶע קְרַאנְקְהֵייט׃ 3 וֶוען אַ מֶענְשׁ זָאל הוּנְדֶערְט קִינְדֶער גֶעוִוינֶען, אוּנְד עֶר זָאל לֶעבֶּען פִילֶע יָאהְרֶען אַזוֹי דָאס דִיא יָאהְרֶען פוּן זֵיין לֶעבֶּען זֶענֶען פִיל, אָבֶּער עֶר קֶען זִיךְ נִיט זַאט מַאכֶען פוּן דֶעם גוּטֶען, אוּנְד עֶר הָאט אַפִילוּ נִיט אַ מָאל אַ קְבוּרָה, אוֹיף אַזוֹי אֵיינֶעם זָאג אִיךְ אַז אַ נֶפֶל אִיז בֶּעסֶער וִויא עֶר אִיז׃ 4 וָוארִין עֶר אִיז מִיט הֶבֶל אָנְגֶעקוּמֶען, אוּנְד אִין דֶער פִינְסְטֶערְנִיס גֶעהְט עֶר אַוֶועק, אוּנְד אִין דֶער פִינְסְטֶערְנִיס וֶוערְט זֵיין נָאמֶען צוּגֶעדֶעקְט׃ 5 עֶר הָאט אוֹיךְ נִיט אַמָאל דִיא זוּן גֶעזֶעהֶען, אוּנְד הָאט נִיט דֶערְפוּן גֶעוְואוּסְט, אוּנְד דֶער הָאט מֶעהְר נַחַת פוּן יֶענֶעם׃ 6 אוּנְד אַפִילוּ וֶוען עֶר וָואלְט גֶעלֶעבְּט צְוֵוייא מָאל טוֹיזֶענְד יָאהְרֶען, אוּנְד עֶר וָואלְט קֵיין גוּטֶעס גֶעזֶעהֶען — וָוארִין גֶעהֶען דֶען נִיט אַלֶע אַהִין צוּ אֵיין אָרְט? — 7 אַלֶע אַרְבֵּייט פוּן דֶעם מֶענְשׁ אִיז נָאר פַאר זֵיין מוֹיל, אוּנְד דָאךְ וֶוערְט דֶעם נֶפֶשׁ'ס (אַפֶּעטִיט) נִיט זַאט׃ 8 וָוארִין וָואס הָאט דֶען דֶער חָכָם מֶעהְר וִויא דֶער נַאר? וָואס הָאט דֶער אָרֶעמֶער וָואס וֵוייסְט וִויא אַזוֹי אַרוּמְצוּגֶעהְן פָאר דִיא לֶעבֶּעדִיגֶע? 9 עֶס אִיז בֶּעסֶער דָאס אָנְזֶעהֶען מִיט דִיא אוֹיגֶען אֵיידֶער דָאס אַרוּמְגֶעהְן פוּן דֶעם נֶפֶשׁ, דָאס אִיז אוֹיךְ נַארִישְׁקֵייט אוּנְד אַ צוּבְּרָאכֶענֶעם גֶעמִיט׃ 10 דָאס וָואס אִיז גֶעוֶועזֶען

האט

כבר נקרא שמו ונודע אשר־הוא אדם ולא־יוכל לדין
עם שהתקיף ממנו׃ כי יש־דברים הרבה מרבים הבל 11
מה־יתר לאדם׃ כי מי־יודע מה־טוב לאדם בחיים 12
מספר ימי־חיי הבלו ויעשם כצל אשר מי־יגיד לאדם
מה־יהיה אחריו תחת השמש׃

ז

טוב שם משמן טוב ויום המות מיום הולדו׃ טוב א 2
ללכת אל־בית־אבל מלכת אל־בית משתה באשר הוא
סוף כל־האדם והחי יתן אל־לבו׃ טוב כעס משחוק 3
כי־ברע פנים ייטב לב׃ לב חכמים בבית אבל ולב 4
כסילים בבית שמחה׃ טוב לשמע גערת חכם מאיש ה
שמע שיר כסילים׃ כי כקול הסירים תחת הסיר כן 6
שחק הכסיל וגם־זה הבל׃ כי העשק יהולל חכם 7
ויאבד את־לב מתנה׃ טוב אחרית דבר מראשיתו טוב 8
ארך־רוח מגבה־רוח׃ אל־תבהל ברוחך לכעוס כי 9
כעס בחיק כסילים ינוח׃ אל־תאמר מה היה שהימים י
הראשנים היו טובים מאלה כי לא מחכמה שאלת על־
זה׃ טובה חכמה עם־נחלה ויתר לראי השמש׃ כי 11 12
בצל החכמה בצל הכסף ויתרון דעת החכמה תחיה
בעליה׃ ראה את־מעשה האלהים כי מי יוכל לתקן 13
את אשר עותו׃ ביום טובה היה בטוב וביום רעה ראה 14
גם את־זה לעמת־זה עשה האלהים על־דברת שלא
ימצא האדם אחריו מאומה׃ את־הכל ראיתי בימי טו
הבלי יש צדיק אבד בצדקו ויש רשע מאריך ברעתו׃
אל־תהי צדיק הרבה ואל־תתחכם יותר למה תשומם׃ 16
אל־תרשע הרבה ואל־תהי סכל למה תמות בלא עתך׃ 17
טוב אשר תאחז בזה וגם־מזה אל־תנח את־ידך כי־ירא 18

האט שוין לאנג געהאט א נאמען, אונד עס איז גוט בעקאנט אז דאס איז דער מענש, אבער ער איז ניט אים שטאנד זיך צו קריגען מיט דעם וואס איז שטארקער פון איהם׃ 11 ווייל עס זענען פערהאנדען פיל זאכען וואס פערמעהרען נאר נארישקייטען, וואס נוצט דאס צו דעם מענש? 12 וואָרין ווער ווייסט דען וואס עס איז גוט פאר דעם מענש אין דיזעם לעבען, אין דער (קליינער) צאל פון דיא טעג פון זיינע נארישע יאהרען, וואס ער מאכט זייא אזוי וויא א שאטען, וואָרין ווער קען דען אנזאגען צו א מענש וואס וועט נאך איהם זיין אונטער דער זון?

## קאפיטעל ז

1 א גוטער נאמען איז בעסער וויא (טייערעס) גוטעס עהל, אונד דער טאג פון דעם טויט איז בעסער וויא דער טאג פון געבוירען צו ווערען׃ 2 עס איז בעסער אריינצוגעהן אין א הויז פון איין אבל איידער א־יינצוגעהן אין א הויז פון א סעודה, דערווייל דער טויט איז דער סוף פון אלע מענשען, אונד דער לעבעדיגער וועט עס זיך צו זיין הארץ לעגען׃
3 ערגערניס איז בעסער וויא א געלעכטער, ווייל דורך א שלעכט פנים קען דאס הארץ בעסער ווערען׃ 4 דאס הארץ פון דיא קלוגע איז אין דעם הויז פון דעם אבל, אבער דאס הארץ פון דיא נארונים זענען אין דעם הויז פון פרייד׃ 5 עס איז בעסער צו הערען דאס אנשרייען פון א חכם איידער א מענש זאל הערען דאס געזאנג פון נארונים׃ 6 וואָרין אזוי וויא דאס קול איז פון דערנער וואס ברענען אונטער דעם טאפ גראד אזוי איז דאס געלעכטער פון א נאר, אונד דאס איז אויך נארישקייט׃ 7 וואָרין דיא אונטערדריקונג מאכט דעם חכם משגע, אונד א מתנה פערטילגט דאס הארץ׃ 8 דער סוף פון א זאך איז בעסער וויא דער אנהייב, אונד א געדולדיגער גייסט איז בעסער וויא א שטאלצער גייסט׃ 9 דו זאלסט דיך ניט איילען אין דיין געמיט צו צארנען, וואָרין דער צארן רוהט אין דעם בוזעם פון דיא נארונים׃ 10 דו זאלסט ניט זאגען, פארוואס זענען דיא ערשטע טעג בעסער געוועזען פון דיא דאזיגע? וואָרין דו פרעגסט דאס ניט וועגען חכמה׃ 11 חכמה איז גוט מיט א נחלה, אונד עס איז נוצליך פאר דיא וואס זעהען דיא זון׃ 12 וואָרין ווען מען איז אין דעם שאטען פון דער חכמה איז מען אין דעם שאטען פון זילבער (געלד), אבער מעהר נוצליך איז דיא וויסענשאפט פון דער חכמה, ווייל זיא דערקוויקט דעם וואס האט זיא׃ 13 זעה אן דיא מעשים פון גאט, וואָרין ווער קען דען גראד מאכען וואס ער פערקרימט׃ 14 אין א גוטען טאג לאז עס דיר זיין גוט, אבער אין א שלעכטען טאג זאלסט דו בעדענקען אז גאט האט געמאכט דאס אנטקעגען דעם אנדערן, כדי דער מענש זאל נאך איהם גארניט קענען געפינען׃ 15 אלעס האב איך געזעהען אין דיא טעג פון מיינע נארישקייט, עס איז פערהאנדען א צדיק וואס ווערט פערלוירען אין זיין צדקות, אונד עס איז פערהאנדען א רשע וואס דערלענגערט (זיין לעבען) אין זיינע שלעכטיגקייט׃ 16 דו זאלסט ניט זיין א צו פילער צדיק, אונד דו זאלסט דיך אויך ניט פאר צו קלוג האלטען, פארוואס זאלסט דו פערוויסט ווערען? 17 דו זאלסט (אויך) ניט זיין צו פיל א רשע, אונד דו זאלסט ניט זיין א נאר, פארוואס זאלסט דו שטארבען פאר דיינע צייט? 18 עס איז גוט אז דו זאלסט אן דעם אנהאלטען, אונד פון דעם אנדערן ניט אפלאזען דיינע האנד, וואָרין דער וואס האט מורא

פאר

19 אֱלֹהִים יֵצֵא אֶת־כֻּלָּם׃ הַחָכְמָה תָּעֹז לֶחָכָם מֵעֲשָׂרָה
כ שַׁלִּיטִים אֲשֶׁר הָיוּ בָּעִיר׃ כִּי אָדָם אֵין צַדִּיק בָּאָרֶץ אֲשֶׁר
21 יַעֲשֶׂה־טּוֹב וְלֹא יֶחֱטָא׃ גַּם לְכָל־הַדְּבָרִים אֲשֶׁר יְדַבֵּרוּ
22 אַל־תִּתֵּן לִבֶּךָ אֲשֶׁר לֹא־תִשְׁמַע אֶת־עַבְדְּךָ מְקַלְלֶךָ׃ כִּי
גַם־פְּעָמִים רַבּוֹת יָדַע לִבֶּךָ אֲשֶׁר גַּם־אַתָּ קִלַּלְתָּ אֲחֵרִים׃
23 כָּל־זֹה נִסִּיתִי בַחָכְמָה אָמַרְתִּי אֶחְכָּמָה וְהִיא רְחוֹקָה
24 כה מִמֶּנִּי׃ רָחוֹק מַה־שֶּׁהָיָה וְעָמֹק עָמֹק מִי יִמְצָאֶנּוּ׃ סַבּוֹתִי
אֲנִי וְלִבִּי לָדַעַת וְלָתוּר וּבַקֵּשׁ חָכְמָה וְחֶשְׁבּוֹן וְלָדַעַת
26 רֶשַׁע כֶּסֶל וְהַסִּכְלוּת הוֹלֵלוֹת׃ וּמוֹצֶא אֲנִי מַר מִמָּוֶת
אֶת־הָאִשָּׁה אֲשֶׁר־הִיא מְצוֹדִים וַחֲרָמִים לִבָּהּ אֲסוּרִים
יָדֶיהָ טוֹב לִפְנֵי הָאֱלֹהִים יִמָּלֵט מִמֶּנָּה וְחוֹטֵא יִלָּכֶד בָּהּ׃
27 רְאֵה זֶה מָצָאתִי אָמְרָה קֹהֶלֶת אַחַת לְאַחַת לִמְצֹא
28 חֶשְׁבּוֹן׃ אֲשֶׁר עוֹד־בִּקְשָׁה נַפְשִׁי וְלֹא מָצָאתִי אָדָם אֶחָד
29 מֵאֶלֶף מָצָאתִי וְאִשָּׁה בְכָל־אֵלֶּה לֹא מָצָאתִי׃ לְבַד רְאֵה־
זֶה מָצָאתִי אֲשֶׁר עָשָׂה הָאֱלֹהִים אֶת־הָאָדָם יָשָׁר וְהֵמָּה
בִקְשׁוּ חִשְּׁבֹנוֹת רַבִּים׃

ח

א מִי כְּהֶחָכָם וּמִי יוֹדֵעַ פֵּשֶׁר דָּבָר חָכְמַת אָדָם תָּאִיר פָּנָיו
2 וְעֹז פָּנָיו יְשֻׁנֶּא׃ אֲנִי פִּי־מֶלֶךְ שְׁמוֹר וְעַל דִּבְרַת שְׁבוּעַת
3 אֱלֹהִים׃ אַל־תִּבָּהֵל מִפָּנָיו תֵּלֵךְ אַל־תַּעֲמֹד בְּדָבָר רָע
4 כִּי כָּל־אֲשֶׁר יַחְפֹּץ יַעֲשֶׂה׃ בַּאֲשֶׁר דְּבַר־מֶלֶךְ שִׁלְטוֹן וּמִי
ה יֹאמַר־לוֹ מַה־תַּעֲשֶׂה׃ שׁוֹמֵר מִצְוָה לֹא יֵדַע דָּבָר רָע וְעֵת
6 וּמִשְׁפָּט יֵדַע לֵב חָכָם׃ כִּי לְכָל־חֵפֶץ יֵשׁ עֵת וּמִשְׁפָּט
7 כִּי־רָעַת הָאָדָם רַבָּה עָלָיו׃ כִּי־אֵינֶנּוּ יֹדֵעַ מַה־שֶּׁיִּהְיֶה כִּי
8 כַּאֲשֶׁר יִהְיֶה מִי יַגִּיד לוֹ׃ אֵין אָדָם שַׁלִּיט בָּרוּחַ לִכְלוֹא
אֶת־הָרוּחַ וְאֵין שִׁלְטוֹן בְּיוֹם הַמָּוֶת וְאֵין מִשְׁלַחַת
9 בַּמִּלְחָמָה וְלֹא־יְמַלֵּט רֶשַׁע אֶת־בְּעָלָיו׃ אֶת־כָּל־זֶה רָאִיתִי

פָאר גָאט וֶועט פוּן דֶעם אַלֶעם אַרוֹיס־קוּמֶען׃ 19 דִיא חָכְמָה שְׁטַארְקְט דֶעם חָכָם מֶעהר וִויא צֶעהן גֶעוֶועלְטִיגֶע מֶענֶער וָואס זֶענֶען אִין דֶער שְׁטָאט׃ 20 וָוארִין עֶס אִיז נִיט דָא אַ גֶערֶעכְטֶער מֶענְשׁ אוֹיף דֶער עֶרְד וָואס טְהוּט גוּטֶעס אוּנְד טְהוּט נִיט זִינְדִיגֶען׃ 21 דוּא זָאלְסְט אוֹיךְ נִיט דֵיין הַארְץ אַהִינְגֶעבֶען צוּ אַלֶע וֶוערְטֶער וָואס מֶען וֶועט רֶעדֶען, כְּדֵי דוּא זָאלְסְט נִיט הֶערֶען אַז דֵיין קְנֶעכְט שֶׁעלְט דִיךְ׃ 22 וָוארִין דֵיין הַארְץ וֵויסְט גַאנְץ גוּט אַז דוּא הָאסְט אוֹיךְ פִילֶע מָאל אַנְדֶערֶע גֶעשָׁאלְטֶען׃ 23 דָאס אַלֶעס הָאבּ אִיךְ גֶעפְּרִיפְט מִיט חָכְמָה, אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעטְרַאכְט קְלוּג צוּ וֶוערֶען, אָבֶּער עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען וֵוייט פוּן מִיר׃ 24 דָאס וָואס אִיז גֶעוֶועזֶען וֵוייט אוּנְד זֶעהר טִיף, וֶוער קֶען עֶס אוֹיסְגֶעפִינֶען׃ 25 אִיךְ הָאבּ מִיךְ אַוֶועקְגֶעקֶעהְרְט אוּנְד מֵיין הַארְץ גֶעגֶעבֶּען כְּדֵי צוּ וִויסֶען אוּנְד אוֹיסְצוּפָארְשֶׁען, אוּנְד אוֹיסְצוּזוּכֶען חָכְמָה, אוּנְד צוּ בֶּערֶעכְנֶען, אוּנְד צוּ וִויסֶען דָאס רִשְׁעַת פוּן נַארִישְׁקֵייט, אַפִילוּ דָאס נַארִישֶׁע מְשֻׁגַעַת׃ 26 אוּנְד אִיךְ הָאבּ אוֹיסְגֶעפוּנֶען אַז דִיא פְרוֹיא וָואס אִיהְר הַארְץ אִיז וִויא נֶעצֶען צוּ חַאפֶּען אוּנְד צוּ בִּינְדֶען מִיט אִיהְרֶע הֶענְד, אִיז בִּיטֶערֶער וִויא דֶער טוֹיט, דֶער וָואס אִיז גוּט פָאר גָאט וֶועט פוּן אִיהְר אַנְטְרִינֶען, אָבֶּער דֶער זִינְדִיגֶער וֶועט דוּרְךְ אִיהְר גֶעפַאנְגֶען׃ 27 זֶעה, דָאס הָאבּ אִיךְ גֶעפוּנֶען זָאגְט קֹהֶלֶת, אֵיינְס נָאךְ דֶעם אַנְדֶערְן אוֹיסְצוּגֶעפִינֶען אַ חֶשְׁבּוֹן׃ 28 דָאס אִיז וָואס אִיךְ זוּךְ נָאךְ אוּנְד אִיךְ הָאבּ עֶס נִיט גֶעפוּנֶען; אֵיין מֶענְשׁ (מַאן) צְוִוישֶׁען טוֹיזֶענְד הָאבּ אִיךְ גֶעפוּנֶען, אָבֶּער אֵיינֶע פְרוֹיא אוּנְטֶער דִיא אַלֶע הָאבּ אִיךְ נִיט גֶעפוּנֶען׃ 29 זֶעה, נָאר דָאס אַלֵיין הָאבּ אִיךְ גֶעפוּנֶען, אַז גָאט הָאט דֶעם מֶענְשׁ בֶּעשַׁאפֶען אוֹיפְרִיכְטִיג, אָבֶּער זֵייא הָאבֶּען זִיךְ אוֹיסְגֶעזוּכְט פִילֶע אוֹיסְגֶעטְרַאכְטֶע זַאכֶען׃

## קאפיטעל ח

1 וֶוער אִיז אַזוֹי וִויא דֶער חָכָם? אוּנְד וֶוער וֵויסְט נָאךְ דִיא בֶּעשֵׁיידֶענִיס פוּן אַ זַאךְ? דִיא חָכְמָה פוּן אַ מֶענְשׁ מַאכְט זֵיין פָּנִים לֵייכְטֶען, אוּנְד דִיא שְׁטַארְקְהֵייט פוּן זֵיין פָּנִים וֶוערְט פֶערֶענְדֶערְט׃ 2 אִיךְ רָאט דִיר אַז דוּא זָאלְסְט הִיטֶען דֶעם בֶּעפֶעהְל פוּן דֶעם מֶלֶךְ, אוּנְד מַחֲמַת דֶעם וָואס מִיר הָאבֶּען גֶעשְׁוָואוֹירֶען צוּ גָאט׃ 3 דוּא זָאלְסְט דִיךְ נִיט אֵיילֶען אַוֶועקְצוּגֶעהְן פוּן פָאר אִיהְם, שְׁטֶעה נִיט אִין אַ שְׁלֶעכְטֶע זַאךְ, וָוארִין עֶר טְהוּט וָואס גֶעפֶעלְט אִיהְם׃ 4 אַזוֹיא דָאס וָוארְט פוּן דֶעם מֶלֶךְ אִיז, דָארְט אִיז גֶעוֶועלְטִיגְקֵייט, אוּנְד וֶוער קֶען צוּ אִיהְם זָאגֶען, וָואס טְהוּסְט דוּא? 5 דֶער וָואס הִיט (גָאטְ׳ס) מִצְוָה, וֶועט נִיט וִויסֶען פוּן קֵיין שׁוּם שְׁלֶעכְטֶע זַאךְ, אוּנְד אַ קְלוּג הֶערְצִיגֶער וֵויסְט דִיא צֵייט פוּן מִשְׁפָּט׃ 6 וֵוייל צוּ אִיטְלִיכֶען פֶערְלַאנְגֶען אִיז פֶערְהַאנְדֶען אַ צֵייט אוּנְד אַ מִשְׁפָּט, דָארוּם אִיז דֶעם מֶענְשֶׁענְ׳ס שְׁלֶעכְטִיגְקֵייט אִיבֶּער אִיהְם גְרוֹיס׃ 7 וָוארִין עֶר וֵויסְט נִיט וָואס עֶס וֶועט זֵיין, וָוארִין וֶוער קֶען אִיהְם דֶען אָנְזָאגֶען וִויא אַזוֹי עֶס וֶועט זֵיין? 8 קֵיין מֶענְשׁ הָאט קֵיינֶע שְׁלִיטָה אִיבֶּער אַ גֵייסְט אַז עֶר זָאל קֶענֶען דֶעם גֵייסְט צוּרִיקְהַאלְטֶען, אוּנְד עֶר הָאט אוֹיךְ קֵיינֶע שְׁלִיטָה אִיבֶּער דֶעם טוֹיט, אוּנְד מֶען קֶען קֵיינֶעם נִיט אַוֶועקְשִׁיקֶען אִין דֶער מִלְחָמָה, אוּנְד דָאס רִשְׁעַת קֶען נִיט מַאכֶען אַנְטְרִינֶען דֶעם וָואס בֶּעזִיצְט עֶס׃ 9 אַלֶעם דָאס וָואס דָאזִיגֶע הָאבּ אִיךְ גֶעזֶעהֶען

אוּנְד

וְנָתוֹן אֶת־לִבִּי לְכָל־מַעֲשֶׂה אֲשֶׁר נַעֲשָׂה תַּחַת הַשָּׁמֶשׁ עֵת
י אֲשֶׁר שָׁלַט הָאָדָם בְּאָדָם לְרַע לוֹ׃ וּבְכֵן רָאִיתִי רְשָׁעִים
קְבֻרִים וָבָאוּ וּמִמְּקוֹם קָדוֹשׁ יְהַלֵּכוּ וְיִשְׁתַּכְּחוּ בָעִיר אֲשֶׁר
11 כֵּן־עָשׂוּ גַּם־זֶה הָבֶל׃ אֲשֶׁר אֵין־נַעֲשָׂה פִתְגָם מַעֲשֵׂה
הָרָעָה מְהֵרָה עַל־כֵּן מָלֵא לֵב בְּנֵי־הָאָדָם בָּהֶם לַעֲשׂוֹת
12 רָע׃ אֲשֶׁר חֹטֶא עֹשֶׂה רָע מְאַת וּמַאֲרִיךְ לוֹ כִּי גַּם־יוֹדֵעַ
אָנִי אֲשֶׁר יִהְיֶה־טּוֹב לְיִרְאֵי הָאֱלֹהִים אֲשֶׁר יִירְאוּ מִלְּפָנָיו׃
13 וְטוֹב לֹא־יִהְיֶה לָרָשָׁע וְלֹא־יַאֲרִיךְ יָמִים כַּצֵּל אֲשֶׁר אֵינֶנּוּ
14 יָרֵא מִלִּפְנֵי אֱלֹהִים׃ יֶשׁ־הֶבֶל אֲשֶׁר נַעֲשָׂה עַל־הָאָרֶץ
אֲשֶׁר ׀ יֵשׁ צַדִּיקִים אֲשֶׁר מַגִּיעַ אֲלֵהֶם כְּמַעֲשֵׂה הָרְשָׁעִים
וְיֵשׁ רְשָׁעִים שֶׁמַּגִּיעַ אֲלֵהֶם כְּמַעֲשֵׂה הַצַּדִּיקִים אָמַרְתִּי
טו שֶׁגַּם־זֶה הָבֶל׃ וְשִׁבַּחְתִּי אֲנִי אֶת־הַשִּׂמְחָה אֲשֶׁר אֵין־
טוֹב לָאָדָם תַּחַת הַשֶּׁמֶשׁ כִּי אִם־לֶאֱכוֹל וְלִשְׁתּוֹת וְלִשְׂמוֹחַ
וְהוּא יִלְוֶנּוּ בַעֲמָלוֹ יְמֵי חַיָּיו אֲשֶׁר־נָתַן־לוֹ הָאֱלֹהִים תַּחַת
16 הַשָּׁמֶשׁ׃ כַּאֲשֶׁר נָתַתִּי אֶת־לִבִּי לָדַעַת חָכְמָה וְלִרְאוֹת
אֶת־הָעִנְיָן אֲשֶׁר נַעֲשָׂה עַל־הָאָרֶץ כִּי גַם בַּיּוֹם וּבַלַּיְלָה
17 שֵׁנָה בְּעֵינָיו אֵינֶנּוּ רֹאֶה׃ וְרָאִיתִי אֶת־כָּל־מַעֲשֵׂה הָאֱלֹהִים
כִּי לֹא יוּכַל הָאָדָם לִמְצוֹא אֶת־הַמַּעֲשֶׂה אֲשֶׁר נַעֲשָׂה
תַחַת־הַשֶּׁמֶשׁ בְּשֶׁל אֲשֶׁר יַעֲמֹל הָאָדָם לְבַקֵּשׁ וְלֹא יִמְצָא
וְגַם אִם־יֹאמַר הֶחָכָם לָדַעַת לֹא יוּכַל לִמְצֹא׃

ט ט

א כִּי אֶת־כָּל־זֶה נָתַתִּי אֶל־לִבִּי וְלָבוּר אֶת־כָּל־זֶה אֲשֶׁר
הַצַּדִּיקִים וְהַחֲכָמִים וַעֲבָדֵיהֶם בְּיַד הָאֱלֹהִים גַּם־אַהֲבָה
2 גַם־שִׂנְאָה אֵין יוֹדֵעַ הָאָדָם הַכֹּל לִפְנֵיהֶם׃ הַכֹּל כַּאֲשֶׁר
לַכֹּל מִקְרֶה אֶחָד לַצַּדִּיק וְלָרָשָׁע לַטּוֹב וְלַטָּהוֹר וְלַטָּמֵא
וְלַזֹּבֵחַ וְלַאֲשֶׁר אֵינֶנּוּ זֹבֵחַ כַּטּוֹב כַּחֹטֶא הַנִּשְׁבָּע כַּאֲשֶׁר
3 שְׁבוּעָה יָרֵא׃ זֶה ׀ רָע בְּכֹל אֲשֶׁר־נַעֲשָׂה תַּחַת הַשֶּׁמֶשׁ
כִּי־מִקְרֶה אֶחָד לַכֹּל וְגַם לֵב בְּנֵי־הָאָדָם מָלֵא־רָע וְהוֹלֵלוֹת

אונד איך האב מיין הארץ אהינגעגעבען
צו איטליכע ארבייט וואס ווערט געמאכט
אונטער דיא זון; עס איז דא א צייט
ווען איין מענש געוועלטיגט איבער איין
אנדערן צו זיין אייגען אומגליק: 10 אונד
אזוי האב איך געזעהען אז דיא רשעים
ווערען בעגראבען, אונד מען איז אנגע־
קומען אונד אוועקגעגאנגען פון דעם
הייליגען ארט, אונד זייא זענען פערגע־
סען געווארען אין דער שטאט וואו מען
האט אזוי געטהון; דאס איז אויך נאריש־
קייט: 11 ווייל דאס משפט פון א שלעכטע
מעשה ווערט ניט אזוי געשווינד אויס־
געפיהרט, דאריבער איז דאס הארץ פון
דיא מענשען־קינדער פול אין זייא
שלעכטעס צו טהון: 12 חאטשע א זינ־
דער טהוט שלעכטעס הונדערט מאל,
אונד זיינע יאהרען זענען פערלענגערט,
דאך ווייס איך אז עס וועט גוט זיין צו
דיא מענשען וואס האבען מורא פאר גאט,
וואס האבען מורא פאר איהם: 13 אבער
עס וועט ניט גוט זיין צו דעם רשע, אונד
ער וועט ניט פערלענגערען (זיינע) טעג
וואס זענען אזוי וויא א שאטען, ווייל ער
האט קיין מורא פאר גאט: 14 עס איז
פערהאנדען א נארישקייט וואס ווערט געטהון אויף דער ערד—אז עס זענען דא
צדיקים וואס גרייכט צו זייא גראד אזוי וויא נאך דיא מעשים פון דיא רשעים, אונד
עס זענען דא רשעים וואס גרייכט צו זייא אזוי וויא נאך דיא מעשים פון דיא צדיקים,
אונד איך האב מיר געטראכט אז דאס איז אויך נארישקייט: 15 אזוי האב איך געלויבט
דעם וואס האט א שמחה, ווייל עס איז גארניט בעסערעס פאר א מענש אונטער דער
זון, נייערט אז ער זאל עסען אונד טרינקען אונד זיך צו פרייען; וואריין דאס וועט זיך
צו איהם בעהעפטען וועגען זיינע ארבייט אין זיינע לעבענסטעג וואס גאט האט איהם
געגעבען אונטער דער זון: 16 אונד אזוי וויא איך האב מיין הארץ אהינגעגעבען דיא
חכמה צו דערקענען, אונד איינצוזעהען דעם ענין וואס עס ווערט געטהון אויף דער
ערד, וואריין עס זענען זאלכע וואס זעהען אפילו ניט קיין שלאף אין זיירע אויגען ביי
טאג אדער ביי נאכט: 17 אונד איך האב געזעהען אלע מעשים פון גאט, וואריין דער
מענש קען ניט אויסגעפינען דיא מעשים וואס ווערען געטהון אונטער דער זון, חאט־
שע וועגען וועלכע דער מענש מיהט זיך אפ אויסצוזוכען אונד ער קען זייא ניט
אויסגעפינען, אונד חאטשע דער חכם טראכט זייא צו וויסען, דאך קען ער עס ניט
אויסגעפינען:

## קאפיטעל ט

1 וואריין צו דעם אלעס האב איך מיין הארץ אהינגעגעבען, אפילו אלעס דאס
אויסצוקלערען, אז דיא צדיקים אונד דיא חכמים, אונד זיירע ארבייט זענען אין
דיא הענד פון גאט, קיין מענש ווייסט ניט פון דיא ליבשאפט אונד דיא פיינד־
שאפט, חאטשע אלעס איז פאר זייא: 2 אלע זאכען בעגעגנען איטליכען איינעם
גלייך, צו דעם צדיק אונד צו דעם רשע, צו דעם גוטען אונד דעם ריינעם אונד
צו דעם אומריינעם, צו דעם וואס איז מקריב קרבנות אונד צו דעם וואס איז
ניט מקריב, אזוי וויא דער גוטער איז אזוי איז אויך דער זינדיגער, דער וואס שווערט
איז אזוי וויא דער וואס האט מורא צו שווערען: 3 דאס איז דאס שלעכטע אונטער
אלעס וואס ווערט געטהון אונטער דער זון, אז עס איז איין בעגעגנים צו אלע, אונד
אפילו דאס הארץ פון דיא מענשען־קינדער איז פול מיט שלעכטיגקייט, אונד משגעת

4 בלבבם בחייהם ואחריו אל־המתים: כי־מי אשר יבחר
אל כל־החיים יש בטחון כי־לכלב חי הוא טוב מן
ה האריה המת: כי החיים יודעים שימתו והמתים אינם
יודעים מאומה ואין־עוד להם שכר כי נשכח זכרם:
6 גם אהבתם גם־שנאתם גם־קנאתם כבר אבדה וחלק
אין־להם עוד לעולם בכל אשר־נעשה תחת השמש:
7 לך אכל בשמחה לחמך ושתה בלב־טוב יינך כי כבר
8 רצה האלהים את־מעשיך: בכל־עת יהיו בגדיך לבנים
9 ושמן על־ראשך אל־יחסר: ראה חיים עם־אשה אשר־
אהבת כל־ימי חיי הבלך אשר נתן־לך תחת השמש כל
ימי הבלך כי הוא חלקך בחיים ובעמלך אשר־אתה עמל
י תחת השמש: כל אשר תמצא ידך לעשות בכחך עשה
כי אין מעשה וחשבון ודעת וחכמה בשאול אשר אתה
11 הלך שמה: שבתי וראה תחת־השמש כי לא לקלים
המרוץ ולא לגבורים המלחמה וגם לא לחכמים לחם
וגם לא לנבנים עשר וגם לא לידעים חן כי־עת ופגע
12 יקרה את־כלם: כי גם לא־ידע האדם את־עתו כדגים
שנאחזים במצודה רעה וכצפרים האחזות בפח כהם
יוקשים בני האדם לעת רעה כשתפול עליהם פתאם:
13 גם־זה ראיתי חכמה תחת השמש וגדולה היא אלי:
14 עיר קטנה ואנשים בה מעט ובא־אליה מלך גדול וסבב
טו אתה ובנה עליה מצודים גדלים: ומצא בה איש מסכן
חכם ומלט־הוא את־העיר בחכמתו ואדם לא זכר את־
16 האיש המסכן ההוא: ואמרתי אני טובה חכמה מגבורה
17 וחכמת המסכן בזויה ודבריו אינם נשמעים: דברי
18 חכמים בנחת נשמעים מזעקת מושל בכסילים: טובה
חכמה מכלי קרב וחוטא אחד יאבד טובה הרבה:

איז אין זייערע הארצער ביא זייער לעבען, אונד נאך דעם געהען זייא צו דיא טויטע: 4 וואָרין ווער עס איז בעהעפט צו דיא לעבעדיגע, פאר דעם איז נאך פערהאנדען א האפנונג, וואָרין א לעבעדיגער הונד איז בעסער וויא א טויטער לייב: 5 ווייל דיא לעבעדיגע וויסען אז זייא וועלען שטארבען, אָבער דיא טויטע ווייסען גארניט, אונד עס איז פאר זייא ניט מעהר פערהאנדען א שכר, ווייל זייער געדעכטעניס איז פערגעסען געוואָרען: 6 אונד זייערע ליבשאפט אונד זייערע פיינדשאפט, אונד אויך זייערע קנאה איז שוין לאנג פערלוירען געוואָרען, אונד זייא האָבען אויף עביג ניט מעהר קיין חלק אין קיינערלייא זאך וואָס ווערט געטהון אונטער דער זון: 7 אזוי געה, עס דיין ברויט מיט פרייד אונד טרינק דיין וויין מיט א פרעהליך הארץ, וואָרין גאָט האט שוין אנגענומען דיינע מעשים: 8 לאָזען דיינע קליידער אלע צייט זיין ווייס, אונד לאָז דאָס זאלב־עהל קיינמאָל ניט פעהלען אויף דיין קאָפּ: 9 לעב גליקליך מיט דיין ווייב וואָס דוא ליבסט אלע טעג פון דיין נארישען לעבען וואָס ער האָט דיר געגעבען אונטער דער זון — אלע טעג פון דיינע נארישקייט, וואָרין דאָס איז דיין חלק אין דעם לעבען, אונד אין דיינע בעמיהונג מיט וואָס דוא בעמיהעסט זיך אונטער דער זון: 10 אלעס וואָס דיינע האנד געפינט צו טהון דאָס טהוא מיט דיין כח, וואָרין אין דער גרוב (שאול) אוואו דוא געהסט דאָרטען אהין איז קיינע ארבייט אונד קיין חשבון אונד וויסענשאפט אונד קיינע חכמה: 11 איך האָב מיך ווידער אומגעקעהרט אונד האָב געזעהען אונטער דער זון, אז עס איז ניט צו דעם גרינגען צו לויפען, אונד ניט צו דעם שטארקען איז דיא מלחמה, אונד דאָס ברויט איז אויך ניט צו דיא חכמים, אונד אויך ניט צו דיא פערשטענדיגע דער רייכטום, אונד אויך ניט קיין חן צו דיא וואָס האָבען וויסענשאפט, נייערט עס איז א בעשטימטע צייט אונד א בעגעגניס צו אלע: 12 וואָרין דער מענש ווייסט אויך ניט אמאָל זיינע צייט, גראָד אזוי וויא דיא פיש וואָס ווערען געכאפט אין א שלעכטען נעץ, אָדער וויא דיא פעגעל ווערען געכאפט אין דעם נעץ, אזוי ווערען אויך דיא מענשען־קינדער פלעצליך געמאכט אז זייא זאָלען אריינפאלען אין א שלעכטע צייט: 13 דיא דאָזיגע חכמה האָב איך געזעהען אונטער דער זון, אונד זיא איז בייא מיר גרויס געוועזען: 14 עס איז געוועזען א קליינע שטאָט, אונד וועניג מענשען זענען אין איהר געוועזען, אָבער א גרויסער קעניג איז קעגען איהר געקומען, אונד ער האָט זיא ארומגערינגעלט, אונד ער האָט איבער איהר געבויעט גרויסע פעסטונגען: 15 אָבער עס האָט זיך אין איהר געפונען איין אָרעמער מאַן, א חכם, אונד ער האָט דורך זיינע חכמה דיא שטאָט מציל געוועזען, אונד דאָך האָט קיין מענש געדענקט אן דעמזעלביגען אָרעמען מאַן: 16 אונד איך האָב מיר געטראַכט, אז חכמה איז בעסער וויא גבורה, אָבער דיא חכמה פון דעם אָרעמען מאַן איז מבוזה געוואָרען, אונד זיינע ווערטער זענען ניט צוגעהערט געוואָרען: 17 דיא ווערטער פון חכמים ווערען צוגעהערט מיט נחת מעהר וויא דאָס געשרייא פון א געוועלטיגען אונטער דיא נארונים: 18 חכמה איז בעסער וויא כלי זיין, אָבער איין זינדיגער מאַכט פערלירען פיל גוטעס:

י

זְבוּבֵי מָוֶת יַבְאִישׁ יַבִּיעַ שֶׁמֶן רוֹקֵחַ יָקָר מֵחָכְמָה מִכָּבוֹד א
סִכְלוּת מְעָט׃ לֵב חָכָם לִימִינוֹ וְלֵב כְּסִיל לִשְׂמֹאלוֹ׃ וְגַם 2 3
בַּדֶּרֶךְ כְּשֶׁהַסָּכָל הֹלֵךְ לִבּוֹ חָסֵר וְאָמַר לַכֹּל סָכָל הוּא׃
אִם־רוּחַ הַמּוֹשֵׁל תַּעֲלֶה עָלֶיךָ מְקוֹמְךָ אַל־תַּנַּח כִּי מַרְפֵּא 4
יַנִּיחַ חֲטָאִים גְּדוֹלִים׃ יֵשׁ רָעָה רָאִיתִי תַּחַת הַשָּׁמֶשׁ ה
כִּשְׁגָגָה שֶׁיֹּצָא מִלִּפְנֵי הַשַּׁלִּיט׃ נִתַּן הַסֶּכֶל בַּמְּרוֹמִים 6
רַבִּים וַעֲשִׁירִים בַּשֵּׁפֶל יֵשֵׁבוּ׃ רָאִיתִי עֲבָדִים עַל־סוּסִים 7
וְשָׂרִים הֹלְכִים כַּעֲבָדִים עַל־הָאָרֶץ׃ חֹפֵר גּוּמָּץ בּוֹ יִפּוֹל 8
וּפֹרֵץ גָּדֵר יִשְּׁכֶנּוּ נָחָשׁ׃ מַסִּיעַ אֲבָנִים יֵעָצֵב בָּהֶם בּוֹקֵעַ 9
עֵצִים יִסָּכֶן בָּם׃ אִם־קֵהָה הַבַּרְזֶל וְהוּא לֹא־פָנִים קִלְקַל י
וַחֲיָלִים יְגַבֵּר וְיִתְרוֹן הַכְשֵׁיר חָכְמָה׃ אִם־יִשֹּׁךְ הַנָּחָשׁ 11
בְּלוֹא־לָחַשׁ וְאֵין יִתְרוֹן לְבַעַל הַלָּשׁוֹן׃ דִּבְרֵי פִי־חָכָם חֵן 12
וְשִׂפְתוֹת כְּסִיל תְּבַלְּעֶנּוּ׃ תְּחִלַּת דִּבְרֵי־פִיהוּ סִכְלוּת וְאַחֲרִית 13
פִּיהוּ הוֹלֵלוּת רָעָה׃ וְהַסָּכָל יַרְבֶּה דְבָרִים לֹא־יֵדַע הָאָדָם 14
מַה־שֶּׁיִּהְיֶה וַאֲשֶׁר יִהְיֶה מֵאַחֲרָיו מִי יַגִּיד לוֹ׃ עֲמַל טו
הַכְּסִילִים תְּיַגְּעֶנּוּ אֲשֶׁר לֹא־יָדַע לָלֶכֶת אֶל־עִיר׃ אִי־לָךְ 16
אֶרֶץ שֶׁמַּלְכֵּךְ נָעַר וְשָׂרַיִךְ בַּבֹּקֶר יֹאכֵלוּ׃ אַשְׁרֵיךְ אֶרֶץ 17
שֶׁמַּלְכֵּךְ בֶּן־חוֹרִים וְשָׂרַיִךְ בָּעֵת יֹאכֵלוּ בִּגְבוּרָה וְלֹא בַשְּׁתִי׃
בַּעֲצַלְתַּיִם יִמַּךְ הַמְּקָרֶה וּבְשִׁפְלוּת יָדַיִם יִדְלֹף הַבָּיִת׃ 18
לִשְׂחוֹק עֹשִׂים לֶחֶם וְיַיִן יְשַׂמַּח חַיִּים וְהַכֶּסֶף יַעֲנֶה אֶת־ 19
הַכֹּל׃ גַּם בְּמַדָּעֲךָ מֶלֶךְ אַל־תְּקַלֵּל וּבְחַדְרֵי מִשְׁכָּבְךָ אַל־ כ
תְּקַלֵּל עָשִׁיר כִּי עוֹף הַשָּׁמַיִם יוֹלִיךְ אֶת־הַקּוֹל וּבַעַל הַכְּנָפַיִם
יַגֵּיד דָּבָר׃

יא יא

שַׁלַּח לַחְמְךָ עַל־פְּנֵי הַמָּיִם כִּי־בְרֹב הַיָּמִים תִּמְצָאֶנּוּ׃ א
תֶּן־חֵלֶק לְשִׁבְעָה וְגַם לִשְׁמוֹנָה כִּי לֹא תֵדַע מַה־יִּהְיֶה רָעָה 2

## קאפיטעל י

1 טוֹיטֶע פְלִיגֶען מַאכֶען שְׁטִינְקֶען אוּנְד אִיבֶּערְלוֹיפֶען דָאס טֵייעֶרע זַאלְבּ־עֶהְל פוּן דֶעם אַפָּאטֶעקֶער, גְרָאד אַזוֹי אִיז אַ בִּיסֶעל נַארִישְׁקֵייט שְׁוֶוערֶער וִויא דִיא חָכְמָה אוּנְד כָּבוֹד: 2 אַ חָכָם׳ס הַארְץ אִיז אַן זַיינֶע רֶעכְטֶע זֵייט, אָבֶּער אַ נַאר׳ס הַארְץ אִיז אַן זַיינֶער לִינְקֶען זֵייט: 3 אוּנְד אוֹיךְ אַפִילוּ אוֹיף דֶעם וֶועג וִויא דֶער נַאר גֶעהְט אִיז זַיין הַארְץ גֶעמִינְערְט פוּן חָכְמָה, אוּנְד עֶר זָאגְט צוּ אַלֶע אַז עֶר אִיז אַ נַאר: 4 וֶוען דֶער (רוּחַ) וִוילֶען פוּן דֶעם גֶע־וֶועלְטִיגֶער הֶעבְּט זִיךְ אוֹיף קֶעגֶען דִיר, אַזוֹי זָאלְסְט דוּא נִיט פֶערְלָאזֶען דַיין אָרְט, וָוארִין דָאס נָאכְגֶעבֶּען הֵיילְט גְרוֹיסֶע זִינְ־דֶען: 5 עֶס אִיז פֶערְהַאנְדֶען אַ שְׁלֶעכְטֶעס וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען אוּנְטֶער דֶער זוּן, וָואס אִיז אַזוֹי וִויא אַיין אִירְטוּם, וָואס אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען פָאר אַ גֶעוֶועלְטִיגֶער: 6 דִיא נַארִישְׁקֵייט אִיז גֶעגֶעבֶּען אִין פִילֶע הוֹיכֶע עֶרְטֶער, אָבֶּער דִיא עֲשִׁירִים וֶוע־לֶען זִיצֶען אִין דִיא נִידְרִיגֶע עֶרְטֶער: 7 אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען קְנֶעכְט אוֹיף פֶערְד, אוּנְד פִירְשְׁטֶען זֶענֶען גֶעגַאנְגֶען (צוּ פוּס) אַזוֹי וִויא קְנֶעכְט אוֹיף דֶער עֶרְד: 8 דֶער וָואס גְרוּבְּט אַ גְרוּבּ פַאלְט אַלֵיין אַרֵיין אִין אִיהְר, אוּנְד דֶער וָואס בְּרֶעכְט אָפּ אַ צוֹים דֶעם בֵּייסְט אַ שְׁלַאנְג: 9 דֶער וָואס שְׁלֶעפְּט אַרוֹיס שְׁטֵיינֶער דֶער טְהוּט זִיךְ מִיט זֵייא וֶועה, דֶער וָואס שְׁפַּאלְט הָאלְץ אִיז דוּרְךְ דֶעם אִין אַ סַכָּנָה: 10 וֶוען אַייזֶען שַׁארְף, אוּנְד עֶס הָאט קֵיין (שַׁארְף) פָּנִים, אַזוֹי מוּז עֶר זִיךְ שְׁטַארְקֶען (אָנְשְׁטְרֶענְגֶען), אָבֶּער חָכְמָה אִיז נוּצְלִיךְ אֵיינֶעם רֶעכְטְפַּארְטִיג צוּ מַאכֶען: 11 וֶוען אַ שְׁלַאנְג בֵּייסְט אֵיינֶעם אַזוֹי אִיז עֶס אָהְן אַ פֶער־שְׁפְּרֶעכֶען, אוּנְד אֵיינֶער וָואס אִיז אַ הַאר אִיבֶּער דִיא צוּנְג הָאט אוֹיךְ קֵיין נוּצֶען: 12 דִיא וֶוערְטֶער פוּן אַ חָכָם׳ס מוֹיל הָאבֶּען חֵן, אָבֶּער דִיא לִיפֶּען פוּן אַ נַאר פֶערְדַארְ־בֶּען אִיהְם אַלֵיין: 13 דֶער אָנְהוֹיבּ פוּן דִיא וֶוערְטֶער פוּן זַיין מוֹיל זֶענֶען נַארִישְׁקֵייט, אוּנְד דֶער סוֹף (רֵייד) פוּן זַיין מוֹיל אִיז אַ שְׁלֶעכְט מְשֻׁגַעַת: 14 אַ נַאר פֶערְמֶעהְרְט וֶוערְטֶער, אַ מֶענְשׁ קֶען נִיט וִויסֶען וָואס עֶס וֶועט זַיין, אוּנְד אַפִילוּ דָאס וָואס וֶועט נָאךְ אִיהְם זַיין, וֶוער קֶען אִיהְם דָאס אָנְזָאגֶען? 15 דִיא אַרְבֵּייט פוּן דִיא נַארוֹנִים מַאכְט אִיטְלִיכֶען מִיד, וֵוייל עֶר וֵוייסְט נִיט וִויא אַזוֹי אִין דֶער שְׁטָאט אַרֵיינְצוּגֶעהְן: 16 אוֹי וֶועה צוּ דִיר, דוּא לַאנְד! וֶוען דַיין מֶלֶךְ אִיז אַ יוּנְגֶער יוּנְג, אוּנְד וֶוען דַיינֶע פִירְשְׁטֶען עֶסֶען אִין דֶער פְרִיה: 17 אָבֶּער גֶעבֶּענְשְׁט בִּיזְט דוּא לַאנְד וֶוען דַיין מֶלֶךְ אִיז אַ זוּהְן פוּן דִיא פְרֵייעֶ, אוּנְד דַיינֶע פִירְשְׁטֶען עֶסֶען צוּ דֶער בֶּע־שְׁטִימְטֶע צֵייט, כְּדֵי שְׁטַארְק צוּ וָוערֶען אוּנְד זִיךְ נִיט צוּ בֶּעטְרִינְקֶען: 18 דוּרְךְ פִיל פוֹילְהֵייט וֶוערְט דֶער בַּאלְקֶען אַיינְגֶעבּוֹיגֶען, אוּנְד דוּרְךְ לֶעדִיגֶע הֶענְד צוּפַאלְט דָאס הוֹיז: 19 כְּדֵי זִיךְ צוּ פְרֵייעֶן מַאכְט מֶען אַ סְעוּדָה, אוּנְד וַויין מַאכְט פְרֶעהְ־לִיךְ דָאס לֶעבֶּען, אָבֶּער גֶעלְד פֶערְשַׁאפְט דָאס אַלֶעס: 20 דוּא זָאלְסְט דֶעם מֶלֶךְ נִיט שֶׁעלְטֶען, נִיט אַמָאל אִין דַיינֶע גֶעדַאנְקֶען, אוּנְד דִיא רֵייכֶע זָאלְסְט דוּא אוֹיךְ נִיט אַמָאל שֶׁעלְטֶען אִין דַיינֶע שְׁלָאף־קַאמֶער, וָוארִין דִיא פֶעגֶעל פוּן (אוּנְטֶער) דֶעם הִימֶעל קֶענֶען אַוֶועקְפִיהְרֶען דָאס קוֹל, אוּנְד דָאס וָואס הָאט פְלִיגֶעל זָאגְט אוֹיס דִיא זַאךְ:

## קאפיטעל יא

1 וַוארְף דַיין בְּרוֹיט אוֹיף דִיא וַואסֶער, וָוארִין נָאךְ פִילֶע טֶעג וֶועסְט דוּא עֶס וִוידֶער גֶעפִינֶען: 2 גֶעבּ אַ חֵלֶק צוּ זִיבֶּען, אוּנְד אוֹיךְ צוּ אַכְט, וָוארִין דוּא וֵוייסְט דָאךְ נִיט וָואס פַאר אַ שְׁלֶעכְטֶעס עֶס וֶועט זַיין אוֹיף דֶער עֶרְד:

3 עַל־הָאָרֶץ: אִם־יִמָּלְאוּ הֶעָבִים גֶּשֶׁם עַל־הָאָרֶץ יָרִיקוּ
וְאִם־יִפּוֹל עֵץ בַּדָּרוֹם וְאִם בַּצָּפוֹן מְקוֹם שֶׁיִּפּוֹל הָעֵץ שָׁם
4 יְהוּא: שֹׁמֵר רוּחַ לֹא יִזְרָע וְרֹאֶה בֶעָבִים לֹא יִקְצוֹר:
ה כַּאֲשֶׁר אֵינְךָ יוֹדֵעַ מַה־דֶּרֶךְ הָרוּחַ כַּעֲצָמִים בְּבֶטֶן הַמְּלֵאָה
כָּכָה לֹא תֵדַע אֶת־מַעֲשֵׂה הָאֱלֹהִים אֲשֶׁר יַעֲשֶׂה אֶת־
6 הַכֹּל: בַּבֹּקֶר זְרַע אֶת־זַרְעֶךָ וְלָעֶרֶב אַל־תַּנַּח יָדֶךָ כִּי אֵינְךָ
יוֹדֵעַ אֵי זֶה יִכְשַׁר הֲזֶה אוֹ־זֶה וְאִם־שְׁנֵיהֶם כְּאֶחָד טוֹבִים:
7 8 וּמָתוֹק הָאוֹר וְטוֹב לַעֵינַיִם לִרְאוֹת אֶת־הַשָּׁמֶשׁ: כִּי אִם־
שָׁנִים הַרְבֵּה יִחְיֶה הָאָדָם בְּכֻלָּם יִשְׂמָח וְיִזְכֹּר אֶת־יְמֵי
9 הַחֹשֶׁךְ כִּי־הַרְבֵּה יִהְיוּ כָּל־שֶׁבָּא הָבֶל: שְׂמַח בָּחוּר
בְּיַלְדוּתֶךָ וִיטִיבְךָ לִבְּךָ בִּימֵי בְחוּרוֹתֶךָ וְהַלֵּךְ בְּדַרְכֵי
לִבְּךָ וּבְמַרְאֵי עֵינֶיךָ וְדָע כִּי עַל־כָּל־אֵלֶּה יְבִיאֲךָ הָאֱלֹהִים
י בַּמִּשְׁפָּט: וְהָסֵר כַּעַס מִלִּבֶּךָ וְהַעֲבֵר רָעָה מִבְּשָׂרֶךָ כִּי־
הַיַּלְדוּת וְהַשַּׁחֲרוּת הָבֶל:

יב

א וּזְכֹר אֶת־בּוֹרְאֶיךָ בִּימֵי בְּחוּרֹתֶיךָ עַד אֲשֶׁר לֹא־יָבֹאוּ יְמֵי
2 הָרָעָה וְהִגִּיעוּ שָׁנִים אֲשֶׁר תֹּאמַר אֵין־לִי בָהֶם חֵפֶץ: עַד
אֲשֶׁר לֹא־תֶחְשַׁךְ הַשֶּׁמֶשׁ וְהָאוֹר וְהַיָּרֵחַ וְהַכּוֹכָבִים וְשָׁבוּ
3 הֶעָבִים אַחַר הַגָּשֶׁם: בַּיּוֹם שֶׁיָּזֻעוּ שֹׁמְרֵי הַבַּיִת וְהִתְעַוְּתוּ
אַנְשֵׁי הֶחָיִל וּבָטְלוּ הַטֹּחֲנוֹת כִּי מִעֵטוּ וְחָשְׁכוּ הָרֹאוֹת
4 בָּאֲרֻבּוֹת: וְסֻגְּרוּ דְלָתַיִם בַּשּׁוּק בִּשְׁפַל קוֹל הַטַּחֲנָה וְיָקוּם
ה לְקוֹל הַצִּפּוֹר וְיִשַּׁחוּ כָּל־בְּנוֹת הַשִּׁיר: גַּם מִגָּבֹהַּ יִרָאוּ
וְחַתְחַתִּים בַּדֶּרֶךְ וְיָנֵאץ הַשָּׁקֵד וְיִסְתַּבֵּל הֶחָגָב וְתָפֵר
הָאֲבִיּוֹנָה כִּי־הֹלֵךְ הָאָדָם אֶל־בֵּית עוֹלָמוֹ וְסָבְבוּ בַשּׁוּק
6 הַסֹּפְדִים: עַד אֲשֶׁר לֹא־יֵרָחֵק חֶבֶל הַכֶּסֶף וְתָרֻץ גֻּלַּת
הַזָּהָב וְתִשָּׁבֶר כַּד עַל־הַמַּבּוּעַ וְנָרֹץ הַגַּלְגַּל אֶל־הַבּוֹר:
7 וְיָשֹׁב הֶעָפָר עַל־הָאָרֶץ כְּשֶׁהָיָה וְהָרוּחַ תָּשׁוּב אֶל־הָאֱלֹהִים

3 ווען דיא וואָלקען זענען פול מיט רעגען, אַזוֹי טהוּן זיי זיך אויסגיסען אויף דער ערד, אוּנד ווען אַ בוֹים פאַלט, ענטווערער קעגען דרוֹם־זייט אָדער קעגען צָפוֹן־זייט, אין דעם אָרט וואוּ דער בוֹים פאַלט, דאָרט וועט ער ליגען בלייבען: 4 דער וואָס בעטראַכט דעם ווינד דער טהוּט ניט זייען, אוּנד דער וואָס קוּקט אָן דיא וואָלקענס טהוּט ניט שניידען: 5 אַזוֹי וויא דוּא ווייסט ניט דעם וועג פוּן דעם רוּחַ, אויך ניט וויא דיא ביינער וואַקסען אין דעם בוֹיך פוּן אַ פוּל שוואַנגערע, אַזוֹי קענסט דוּא אויך ניט וויסען דיא מַעֲשִׂים פוּן גאָט וואָס האָט אַלעס געמאַכט: 6 אין דעם פריה־מאָרגען זאָלסט דוּא זייען דיין זאָמען, אוּנד אין דעם אָבענד זאָלסט דוּא ניט צוּריקהאַלטען דיינע האַנד, וואָרין דוּא ווייסט ניט וועלכעס וועט געראָטען, דאָס אָדער יענעס, אָדער אויב זיי וועלען ביידע מיט איין אַנדער גוּט זיין: 7 בֶּאֱמֶת דאָס ליכט איז זיס אוּנד עס איז אַ גוּטע זאַך פאַר דיא אויגען צוּ זעהען דיא זוּן: 8 חָאטשע אַ מענש זאָל לעבען פילע יאָהרען אוּנד ער פרייעט זיך אין דעם אַלעם, דאָך לאָז ער געדענקען אָן דיא פינסטערע טעג וואָרין זיי וועלען זיין פיל, אַלעס וואָס קוּמט איז נאַרישקייט: 9 פריי דיך אָ יוּנגער מאַן אין דיינע יוּגענד, אוּנד לאָז זיך דיין האַרץ גוּט אויפפיהרען אין דיא טעג פוּן דיינע יוּגענד, אוּנד געה אין דיא וועג פוּן דיין האַרץ, אוּנד נאָך דעם אָנזעהען פוּן דיינע אויגען, אָבער דוּא זאָלסט וויסען אַז וועגען דעם אַלעם וועט דיך גאָט ברענגען צוּ דעם מִשְׁפָּט: 10 דאַריבער טהוּא אַוועק ערגערנים פוּן דיין האַרץ, אוּנד רוּים אַוועק שלעכטעס פוּן דיין פלייש, וואָרין דיא יוּגענדהייט אוּנד קינדשאַפט איז (אויך) נאַרישקייט:

## קאפיטעל יב

1 דאַריבער זאָלסט דוּא געדענקען דיין בעשעפער אין דיא טעג פוּן דיינע יוּגענדשאַפט, איידער דיא שלעכטע טעג קוּמען אָן, אוּנד דיא יאָהרען גרייכען ווען דוּא וועסט זאָגען, איך האָב שוֹין ניט אַ פערלאַנגען אין זיי: 2 ביז דיא זוּן אָדער דאָס ליכט, אָדער דיא לְבָנָה אוּנד דיא שטערען זענען נאָך ניט פערפינסטערט געוואָרען, אוּנד דיא וואָלקענס האָבען זיך נאָך ניט צוּריקגעקעהרט נאָך דעם רעגען: 3 אין דעם טאָג ווען דיא היטערס פוּן דעם הויז וועלען ציטערן, אוּנד אֲפִילוּ דיא שטאַרקע העלדען פערקרימען, אוּנד דיא וואָס מאָהלען וועלען מוּזען אויפהערען ווייל זיי זענען ווייניג, אוּנד ווען דיא וואָס קוּקען אַרוֹיס דוּרך דעם פענסטער וועלען פערפינסטערט ווערען: 4 אוּנד דיא טירען פוּן דיא גאַסען ווערען פערשלאָסען, ווען דאָס קוֹל פוּן דיא מיהלערס איז נידריגער, אוּנד ער וועט אויפשטעהן פוּן וועגען דעם קוֹל פוּן דעם פויגעל, אוּנד אַלערלייא געזאַנגען זענען געשטילט געוואָרען: 5 אוּנד ווען זיי וועלען אויך מוֹרָא האָבען פאַר דעם וואָס איז הויך, אוּנד שרעקענים וועט זיין אין דעם וועג, אוּנד דער מאַנדעלבוֹים בליהט, אוּנד ווען דער היישעררעק וועט אֲפִילוּ זיין אַ לאַסט, אוּנד דיא גלוּסטיגקייט וועט פערשטערט ווערען, וואָרין דער מענש געהט אַוועק צוּ זיין עביגען הויז, אוּנד דיא קלאָגערס דרעהן זיך אַרוּם אין דער גאַס: 6 איידער דאָס זילבערנע שטריקעל ווערט צוּבראָכען, אוּנד דאָס גאָלדענע לעמפּעל ווערט צוּשטיקעלט, אוּנד דער קרוּג ווערט צוּבראָכען בייא דעם קוואַל, אוּנד דאָס ראָד ווערט צוּבראָכען בייא דעם ברוּנען: 7 אוּנד ווען דער שטויב קעהרט צוּריק צוּ דער ערד אַזוֹי וויא עס איז געוועזען, אוּנד דער גייסט קעהרט צוּריק צוּ גאָט

אֲשֶׁר נְתָנָהּ: הֲבֵל הֲבָלִים אָמַר הַקּוֹהֶלֶת הַכֹּל הָבֶל: 8
וְיֹתֵר שֶׁהָיָה קֹהֶלֶת חָכָם עוֹד לִמַּד־דַּעַת אֶת־הָעָם וְאִזֵּן 9
וְחִקֵּר תִּקֵּן מְשָׁלִים הַרְבֵּה: בִּקֵּשׁ קֹהֶלֶת לִמְצֹא דִבְרֵי־ י
חֵפֶץ וְכָתוּב יֹשֶׁר דִּבְרֵי אֱמֶת: דִּבְרֵי חֲכָמִים כַּדָּרְבֹנוֹת 11
וּכְמַשְׂמְרוֹת נְטוּעִים בַּעֲלֵי אֲסֻפּוֹת נִתְּנוּ מֵרֹעֶה אֶחָד: וְיֹתֵר 12
מֵהֵמָּה בְּנִי הִזָּהֵר עֲשׂוֹת סְפָרִים הַרְבֵּה אֵין קֵץ וְלַהַג
הַרְבֵּה יְגִעַת בָּשָׂר: סוֹף דָּבָר הַכֹּל נִשְׁמָע אֶת־הָאֱלֹהִים 13
יְרָא וְאֶת־מִצְוֹתָיו שְׁמוֹר כִּי־זֶה כָּל־הָאָדָם: כִּי אֶת־כָּל־ 14
מַעֲשֶׂה הָאֱלֹהִים יָבִא בְמִשְׁפָּט עַל כָּל־נֶעְלָם אִם־טוֹב
וְאִם־רָע:

סוף דבר הכל נשמע את האלהים ירא ואת מצותיו שמור כי זה
כל האדם: סימן יתק״ק

סכום פסוקי דספר קהלת מאתים ועשרים ושנים. וסימנו מה
שהיה כבר נקרא שמו. וגם חציו מה שהיה כבר נקרא שמו.
וסדריו ארבעה. וסימנו אבא בם אודה יה:

---

# אסתר

---

וַיְהִי בִּימֵי אֲחַשְׁוֵרוֹשׁ הוּא אֲחַשְׁוֵרוֹשׁ הַמֹּלֵךְ מֵהֹדּוּ וְעַד־ א
כּוּשׁ שֶׁבַע וְעֶשְׂרִים וּמֵאָה מְדִינָה: בַּיָּמִים הָהֵם כְּשֶׁבֶת ׀ 2
הַמֶּלֶךְ אֲחַשְׁוֵרוֹשׁ עַל כִּסֵּא מַלְכוּתוֹ אֲשֶׁר בְּשׁוּשַׁן הַבִּירָה:
בִּשְׁנַת שָׁלוֹשׁ לְמָלְכוֹ עָשָׂה מִשְׁתֶּה לְכָל־שָׂרָיו וַעֲבָדָיו 3
חֵיל ׀ פָּרַס וּמָדַי הַפַּרְתְּמִים וְשָׂרֵי הַמְּדִינוֹת לְפָנָיו:

וָואס הָאט אִיהְם גֶעגֶעבֶּען: 8 אָ נַארִישְׁ־
קַייט פוּן נַארִישְׁקַייטֶען! זָאגְט דֶער קֹהֶלֶת,
אַלֶעס אִיז נַארִישְׁקַייט: 9 נָאךְ פִיל
מֶעהְר, וַוייל דֶער קֹהֶלֶת אִיז גֶעוֶועזֶען אַ
חָכָם, אַזוֹי הָאט עֶר נָאךְ דָאס פָאלְק
בֶּעלֶעהְרְט אִין דֶער וִויסֶענְשַׁאפְט, עֶר
הָאט אוֹיךְ גוּט אַכְטוּנְג גֶעגֶעבֶּען אוּנְד
אוֹיסְגֶעפָארְשְׁט, אוּנְד עֶר הָאט גֶעמַאכְט
פִילֶע מְשָׁלִים: 10 קֹהֶלֶת הָאט אוֹיךְ
גֶעזוּכְט כְּדֵי אוֹיסְצוּגֶעפִינֶען לֶעבְּלִיכֶע
וֶוערְטֶער, אוּנְד עֶר הָאט אָנְגֶעשְׁרִיבֶּען
אֱמֶתֶע אוּנְד רֶעכְטְפַארְטִיגֶע וֶוערְטֶער:
11 דִיא וֶוערְטֶער פוּן דִיא חֲכָמִים זֶענֶען
אַזוֹי וִויא שְׁטֶעקֶענְס אוּנְד וִויא פֶעסְט
אֵיינְגֶעשְׁלָאגֶענֶע נֶעגֶעל וָואס זֶענֶען אַזוֹי
וִויא אֵיינְגֶעפְלַאנְצְט בֵּייא דִיא הַארֶען
פוּן דִיא אַסְפוֹת, וָואס זֶענֶען גֶעגֶעבֶּען
גֶעוָוארֶען פוּן אֵיין הִירְט (פַאסְטוּךְ):
12 אוּנְד נָאךְ מֶעהְר, מֵיין זוּהְן, זֵייא
גֶעוָוארְנְט; פוּן צוּ מַאכֶען פִילֶע סְפָרִים
אִיז נִיט דָא קֵיין עֶנְד, אוּנְד פִיל לֶערְנֶען
אִיז אַ מִידִיגְקֵייט צוּ דֶעם פְלֵייש (לֵייבּ): 13 לָאמֶער הֶערֶען דֶעם סוֹף פוּן דֶעם אַלֶעס,
(דֶער עִקָר אִיז) דוּא זָאלְסְט מוֹרָא הָאבֶּען פָאר גָאט אוּנְד הִיטֶען זֵיינֶע מִצְוֹת, וָוארִין
דָאס אִיז דִיא זַאךְ פַאר אִיטְלִיכֶען מֶענְשׁ: 14 וָוארִין גָאט וֶועט אִיטְלִיכֶע זַאךְ בְּרֶענְ־
גֶען צוּ דֶעם מִשְׁפָּט צוּזַאמֶען מִיט אַלֶעס וָועס אִיז פֶערְבָּארְגֶען, אוֹיבּ עֶס אִיז גוּט
אָדֶער שְׁלֶעכְט:

חזק

---

אַלע פסוקים פֿון דעם ספר קהלת זענען צווייא הונדערט אונד צווייא
אונד צוואנציג; אונד דיא העלפֿט דערפֿון איז קאפיטעל ו׳ פסוק י׳;
אונד האט אים גאנצען צוועלף קאפיטלעך:

---

# מגלת אסתר

---

1 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אִין דִיא טֶעג פוּן אֲחַשְׁוֵרוֹשׁ—עֶר אִיז גֶעוֶועזֶען דֶער אֲחַשְׁוֵרוֹשׁ
וָואס הָאט רֶעגִירְט פוּן הוֹדוּ בִּיז כּוּשׁ, אִיבֶּער הוּנְדֶערְט אוּנְד זִיבֶּען אוּנְד צְוַואנְצִיג
מְדִינוֹת: 2 אִין דִיא זֶעלְבִּיגֶע טֶעג, וֶוען דֶער קֶענִיג אֲחַשְׁוֵרוֹשׁ אִיז גֶעזֶעסֶען אוֹיף דֶעם
טְרוֹין־שְׁטוּל פוּן זֵיין קֶענִיגְרֵייךְ, וָואס אִיז גֶעוֶועזֶען אִין דֶער הוֹיפְּט שְׁטָאט פוּן שׁוּשַׁן:
3 אִין דֶעם דְרִיטֶען יָאהְר פוּן זֵיינֶע רֶעגִירוּנְג, הָאט עֶר גֶעמַאכְט אַ סְעוּדָה פַאר אַלֶע
זֵיינֶע פִירְשְׁטֶען אוּנְד זֵיינֶע קְנֶעכְט, פוּן דֶעם חַיִל פוּן פָּרַס אוּנְד מָדַי, דִיא עֶדְעל־לֵייט
אוּנְד פִירְשְׁטֶען פוּן דִיא מְדִינוֹת וָואס וַוארֶען פָאר אִיהְם: 4 וֶוען עֶר הָאט גֶעוִויזֶען
דאס

4 בְּהַרְאֹתוֹ אֶת־עֹשֶׁר כְּבוֹד מַלְכוּתוֹ וְאֶת־יְקָר תִּפְאֶרֶת
ה גְּדוּלָּתוֹ יָמִים רַבִּים שְׁמוֹנִים וּמְאַת יוֹם׃ וּבִמְלוֹאת ׀ הַיָּמִים
הָאֵלֶּה עָשָׂה הַמֶּלֶךְ לְכָל־הָעָם הַנִּמְצְאִים בְּשׁוּשַׁן הַבִּירָה
לְמִגָּדוֹל וְעַד־קָטָן מִשְׁתֶּה שִׁבְעַת יָמִים בַּחֲצַר גִּנַּת בִּיתַן
6 הַמֶּלֶךְ׃ חוּר ׀ כַּרְפַּס וּתְכֵלֶת אָחוּז בְּחַבְלֵי־בוּץ וְאַרְגָּמָן
עַל־גְּלִילֵי כֶסֶף וְעַמּוּדֵי שֵׁשׁ מִטּוֹת ׀ זָהָב וָכֶסֶף עַל רִצְפַת
7 בַּהַט־וָשֵׁשׁ וְדַר וְסֹחָרֶת׃ וְהַשְׁקוֹת בִּכְלֵי זָהָב וְכֵלִים
8 מִכֵּלִים שׁוֹנִים וְיֵין מַלְכוּת רָב כְּיַד הַמֶּלֶךְ׃ וְהַשְּׁתִיָּה
כַדָּת אֵין אֹנֵס כִּי־כֵן ׀ יִסַּד הַמֶּלֶךְ עַל כָּל־רַב בֵּיתוֹ
9 לַעֲשׂוֹת כִּרְצוֹן אִישׁ־וָאִישׁ׃ גַּם וַשְׁתִּי הַמַּלְכָּה עָשְׂתָה
י מִשְׁתֵּה נָשִׁים בֵּית הַמַּלְכוּת אֲשֶׁר לַמֶּלֶךְ אֲחַשְׁוֵרוֹשׁ׃ בַּיּוֹם
הַשְּׁבִיעִי כְּטוֹב לֵב־הַמֶּלֶךְ בַּיָּיִן אָמַר לִמְהוּמָן בִּזְּתָא
חַרְבוֹנָא בִּגְתָא וַאֲבַגְתָא זֵתַר וְכַרְכַּס שִׁבְעַת הַסָּרִיסִים
11 הַמְשָׁרְתִים אֶת־פְּנֵי הַמֶּלֶךְ אֲחַשְׁוֵרוֹשׁ׃ לְהָבִיא אֶת־
וַשְׁתִּי הַמַּלְכָּה לִפְנֵי הַמֶּלֶךְ בְּכֶתֶר מַלְכוּת לְהַרְאוֹת הָעַמִּים
12 וְהַשָּׂרִים אֶת־יָפְיָהּ כִּי־טוֹבַת מַרְאֶה הִיא׃ וַתְּמָאֵן הַמַּלְכָּה
וַשְׁתִּי לָבוֹא בִּדְבַר הַמֶּלֶךְ אֲשֶׁר בְּיַד הַסָּרִיסִים וַיִּקְצֹף
13 הַמֶּלֶךְ מְאֹד וַחֲמָתוֹ בָּעֲרָה בוֹ׃ וַיֹּאמֶר הַמֶּלֶךְ
לַחֲכָמִים יֹדְעֵי הָעִתִּים כִּי־כֵן דְּבַר הַמֶּלֶךְ לִפְנֵי כָּל־יֹדְעֵי
14 דָּת וָדִין׃ וְהַקָּרֹב אֵלָיו כַּרְשְׁנָא שֵׁתָר אַדְמָתָא תַרְשִׁישׁ
מֶרֶס מַרְסְנָא מְמוּכָן שִׁבְעַת שָׂרֵי ׀ פָּרַס וּמָדַי רֹאֵי פְּנֵי
טו הַמֶּלֶךְ הַיֹּשְׁבִים רִאשֹׁנָה בַּמַּלְכוּת׃ כְּדָת מַה־לַּעֲשׂוֹת
בַּמַּלְכָּה וַשְׁתִּי עַל ׀ אֲשֶׁר לֹא־עָשְׂתָה אֶת־מַאֲמַר הַמֶּלֶךְ
16 אֲחַשְׁוֵרוֹשׁ בְּיַד הַסָּרִיסִים׃ וַיֹּאמֶר מְומֻכָן לִפְנֵי הַמֶּלֶךְ
וְהַשָּׂרִים לֹא עַל־הַמֶּלֶךְ לְבַדּוֹ עָוְתָה וַשְׁתִּי הַמַּלְכָּה כִּי
עַל־כָּל־הַשָּׂרִים וְעַל־כָּל־הָעַמִּים אֲשֶׁר בְּכָל־מְדִינוֹת
17 הַמֶּלֶךְ אֲחַשְׁוֵרוֹשׁ׃ כִּי־יֵצֵא דְבַר־הַמַּלְכָּה עַל־כָּל־הַנָּשִׁים

דָאס עֲשִׁירוּת פוּן דֶעם כָּבוֹד פוּן זַיין קֶענִיגְרַייךְ, אוּנְד דִיא הֶערְלִיכֶע שֶׁעהְנְהַייט אוּנְד זַיינֶע גְרוֹיסְקַייט, פִילֶע טֶעג, הוּנְדֶערְט אוּנְד אַכְצִיג טֶעג: 5 אוּנְד וֶוען דִיא דָאזִיגֶע טֶעג הָאבֶּען זִיךְ דֶערְפִילְט, אַזוֹי הָאט דֶער קֶענִיג אוֹיךְ גֶעמַאכְט אַ סְעוּדָה פַאר דֶעם גַאנְצֶען פָאלְק וָואס הָאבֶּען זִיךְ גֶעפִינֶען אִין דֶער הוֹיפְּט־שְׁטָאט שׁוּשַׁן, פוּן גְרוֹיס בִּיז קְלֵיין, זִיבֶּען טֶעג, אִין דֶעם הוֹיף פוּן דֶעם גָארְטֶען פוּן דֶעם קֶענִיג׳ס פַּאלַאסְט: 6 אַזְוַואוּ עֶס זֶענֶען גֶעוֶועזֶען ווַייסֶע, גְרִינֶע אוּנְד פּוּרְפֶּער, טַיירֶע זַיידֶענֶע פָּארְהֶענְגֶען אַיינְגֶעפַאסְט מִיט פַיינֶע שְׁטְרִיקְלֶעךְ צוּ זִילְבֶּערְנֶע רִינְגְלֶעךְ, אוּנְד זַיילֶען פוּן מַארְמֶער־שְׁטֵיין, אוֹיךְ בֶּעטְלֶעךְ פוּן גָאלְד אוּנְד זִילְבֶּער, אוֹיף אַ פְלַאסְטֶער פוּן טַייעֶרֶע מַארְמֶער־שְׁטֵיינֶער: 7 אוּנְד מֶען הָאט זֵייא גֶעגֶעבֶּען צוּ טְרִינְקֶען אִין גָאלְדֶענֶע כֵּלִים, אוּנְד אַיין כְּלִי אִיז גֶעוֶועזֶען אַנְדֶערְשׁ פוּן דִיא אַנְדֶערֶע כֵּלִים, אוּנְד קֶענִיגְלִיכֶער וַויין אִיז זֶעהְר פִיל גֶעוֶועזֶען, גְרַאד אַזוֹי וִויא אַ קֶענִיג קֶען גֶעבֶּען: 8 אוּנְד דָאס גֶעטְרֶענְק אִיז גֶעוֶועזֶען נָאךְ דֶעם גֶעזֶעץ, מֶען הָאט קֵיינֶעם נִיט גֶענֵייט, וָוארִין דֶער קֶענִיג הָאט אַזוֹי בֶּעפוֹילֶען צוּ דִיא עֶלְצְטֶע אִיבֶּער זַיין הוֹיז, כְּדֵי צוּ טְהוּן אַזוֹי וִויא אִיטְלִיכֶער וִויל: 9 אוֹיךְ דִיא מַלְכָּה וַשְׁתִּי הָאט גֶעמַאכְט אַ סְעוּדָה פַאר דִיא ווַייבֶּער פוּן דֶעם קֶענִיגְלִיכֶען הוֹיז, וָואס הָאט גֶעהֶערְט צוּ דֶעם קֶענִיג אֲחַשְׁוֵרוֹשׁ: 10 אִין דֶעם זִיבֶּעטֶען טָאג, וֶוען דָאס הַארְץ פוּן דֶעם קֶענִיג אִיז גֶעוֶועזֶען פְרֶעהְלִיךְ פוּן דֶעם וויין, אַזוֹי הָאט עֶר גֶעזָאגְט צוּ מְהוּמָן, בִּזְתָא, חַרְבוֹנָא, בִּגְתָא אוּנְד אֲבַגְתָא, זֵתַר אוּנְד כַּרְכַּס, דִיא זִיבֶּען בֶּעדִינֶער פַאר דֶעם קֶענִיג אֲחַשְׁוֵרוֹשׁ: 11 אַז זֵייא זָאלֶען אַריינְבְּרֶענְגֶען דִיא מַלְכָּה וַשְׁתִּי מִיט דֶער קֶענִיגְלִיכֶער קְרוֹין, כְּדֵי צוּ וַוייזֶען אִיהְרֶע שֶׁעהְנְהַייט צוּ דִיא פֶעלְקֶער אוּנְד צוּ דִיא פִירְשְׁטֶען, וָוארִין זִיא אִיז זֶעהְר שֶׁעהְן גֶעוֶועזֶען: 12 אָבֶּער דִיא מַלְכָּה וַשְׁתִּי הָאט נִיט גֶעוָואלְט קוּמֶען אוֹיף דֶעם בֶּעפֶעהְל פוּן דֶעם קֶענִיג דוּרְךְ דִיא בֶּעדִינֶער; אַזוֹי הָאט דֶער קֶענִיג זֶעהְר גֶעצָארְנְט, אוּנְד זַיין צָארְן הָאט אִין אִיהְם גֶעבְּרֶענְט: 13 אַזוֹי הָאט דֶער קֶענִיג גֶעזָאגְט צוּ דִיא חֲכָמִים וָואס ווִיסֶען דִיא צַייטֶען,—וָוארִין אַזוֹי אִיז גֶעוֶועזֶען דָאס וָוארְט פוּן דֶעם קֶענִיג פַאר דִיא וָואס ווִיסֶען דָאס גֶעזֶעץ אוּנְד דֶעם דִין: 14 אוּנְד דִיא וָואס זֶענֶען צוּ אִיהְם אַם נָאהְנְסְטֶען גֶעוֶועזֶען וַוארֶען, כַּרְשְׁנָא, שֵׁתָר, אַדְמָתָא, תַּרְשִׁישׁ, מֶרֶס, מַרְסְנָא אוּנְד מְמוּכָן, דִיא זִיבֶּען פִירְשְׁטֶען פוּן פָּרַס וּמָדַי, וָואס הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען דָאס פָּנִים פוּן דֶעם קֶענִיג, וָואס זֶענֶען גֶעזֶעסֶען דִיא עֶרְשְׁטֶע אִין דֶעם קֶענִיגְרַייךְ: 15 וָואס זָאל מֶען טְהוּן צוּ דֶער מַלְכָּה וַשְׁתִּי, נָאךְ דֶעם גֶעזֶעץ, ווייל זִיא הָאט נִיט גֶעטְהוּן נָאךְ דֶעם בֶּעפֶעהְל פוּן דֶעם קֶענִיג אֲחַשְׁוֵרוֹשׁ, דוּרְךְ דִיא בֶּעדִינֶער? 16 אַזוֹי הָאט מְמוּכָן גֶעזָאגְט פַאר דֶעם קֶענִיג אוּנְד דִיא פִירְשְׁטֶען, עֶס אִיז נִיט קֶעגֶען דֶעם קֶענִיג אַלֵיין דָאס דִיא מַלְכָּה וַשְׁתִּי הָאט אוּמְרֶעכְט גֶעטְהוּן, נֵייעֶרְט אוֹיךְ קֶעגֶען אַלֶע פִירְשְׁטֶען אוּנְד קֶעגֶען אַלֶע פֶעלְקֶער וָואס זֶענֶען אִין אַלֶע מְדִינוֹת פוּן דֶעם קֶענִיג אֲחַשְׁוֵרוֹשׁ: 17 וָוארִין דִיא זַאךְ פוּן דִיא מַלְכָּה וֶועט אַרוֹיסְגֶעהְן

אִיתַנָא פָלְחִין וּלְצֶלֶם דַּהֲבָא דִּי הֲקֵימְתָּ לָא נִסְגֻּד׃
19 בֵּאדַיִן נְבוּכַדְנֶצַּר הִתְמְלִי חֱמָא וּצְלֵם אַנְפּוֹהִי
אֶשְׁתַּנּוֹ עַל־שַׁדְרַךְ מֵישַׁךְ וַעֲבֵד נְגוֹ עָנֵה וְאָמַר לְמֵזֵא
כ לְאַתּוּנָא חַד־שִׁבְעָה עַל דִּי חֲזֵה לְמֵזְיֵהּ׃ וּלְגֻבְרִין גִּבָּרֵי־
חַיִל דִּי בְחַיְלֵהּ אֲמַר לְכַפָּתָה לְשַׁדְרַךְ מֵישַׁךְ וַעֲבֵד נְגוֹ
21 לְמִרְמֵא לְאַתּוּן נוּרָא יָקִדְתָּא׃ בֵּאדַיִן גֻּבְרַיָּא אִלֵּךְ כְּפִתוּ
בְּסַרְבָּלֵיהוֹן פַּטְּשֵׁיהוֹן וְכַרְבְּלָתְהוֹן וּלְבוּשֵׁיהוֹן וּרְמִיו
22 לְגוֹא־אַתּוּן נוּרָא יָקִדְתָּא׃ כָּל־קֳבֵל דְּנָה מִן־דִּי מִלַּת
מַלְכָּא מַחְצְפָה וְאַתּוּנָא אֵזֵה יַתִּירָה גֻּבְרַיָּא אִלֵּךְ דִּי
הַסִּקוּ לְשַׁדְרַךְ מֵישַׁךְ וַעֲבֵד נְגוֹ קַטִּל הִמּוֹן שְׁבִיבָא דִּי
23 נוּרָא׃ וְגֻבְרַיָּא אִלֵּךְ תְּלָתֵּהוֹן שַׁדְרַךְ מֵישַׁךְ וַעֲבֵד נְגוֹ
24 נְפַלוּ לְגוֹא־אַתּוּן־נוּרָא יָקִדְתָּא מְכַפְּתִין׃ אֱדַיִן
נְבוּכַדְנֶצַּר מַלְכָּא תְּוַהּ וְקָם בְּהִתְבְּהָלָה עָנֵה וְאָמַר
לְהַדָּבְרוֹהִי הֲלָא גֻבְרִין תְּלָתָה רְמֵינָא לְגוֹא־נוּרָא מְכַפְּתִין
כה עָנַיִן וְאָמְרִין לְמַלְכָּא יַצִּיבָא מַלְכָּא׃ עָנֵה וְאָמַר הָא־אֲנָה
חָזֵה גֻּבְרִין אַרְבְּעָה שְׁרַיִן מַהְלְכִין בְּגוֹא־נוּרָא וַחֲבָל לָא־
אִיתַי בְּהוֹן וְרֵוֵהּ דִּי רְבִיעָאָה דָּמֵה לְבַר־אֱלָהִין׃
26 בֵּאדַיִן קְרֵב נְבוּכַדְנֶצַּר לִתְרַע אַתּוּן נוּרָא יָקִדְתָּא עָנֵה
וְאָמַר שַׁדְרַךְ מֵישַׁךְ וַעֲבֵד־נְגוֹ עַבְדוֹהִי דִּי־אֱלָהָא עִלָּאָה
פֻּקוּ וֶאֱתוֹ בֵּאדַיִן נָפְקִין שַׁדְרַךְ מֵישַׁךְ וַעֲבֵד נְגוֹ מִן־גּוֹא
27 נוּרָא׃ וּמִתְכַּנְּשִׁין אֲחַשְׁדַּרְפְּנַיָּא סִגְנַיָּא וּפַחֲוָתָא וְהַדָּבְרֵי
מַלְכָּא חָזַיִן לְגֻבְרַיָּא אִלֵּךְ דִּי לָא־שְׁלֵט נוּרָא בְּגֶשְׁמְהוֹן
וּשְׂעַר רֵאשְׁהוֹן לָא הִתְחָרַךְ וְסַרְבָּלֵיהוֹן לָא שְׁנוֹ וְרֵיחַ
28 נוּר לָא עֲדָת בְּהוֹן׃ עָנֵה נְבוּכַדְנֶצַּר וְאָמַר בְּרִיךְ אֱלָהֲהוֹן
דִּי־שַׁדְרַךְ מֵישַׁךְ וַעֲבֵד נְגוֹ דִּי־שְׁלַח מַלְאֲכֵהּ וְשֵׁיזִב
לְעַבְדוֹהִי דִּי הִתְרְחִצוּ עֲלוֹהִי וּמִלַּת מַלְכָּא שַׁנִּיו וִיהַבוּ
גֶשְׁמְהוֹן דִּי לָא־יִפְלְחוּן וְלָא־יִסְגְּדוּן לְכָל־אֱלָהּ לָהֵן

אוּנְד מִיר װעלען זִיךְ נִיט בִּיקֶען צוּ דֶעם גָאלְדֶענֶעם בִּילְד װָאס דוּא הָאסְט אוֹיפְגֶעשְׁטֶעלְט׃ 19 דֶענְסְמָאל אִיז נְבוּכַדְנֶצַּר פוּל גֶעװָארֶען מִיט גְרִימְצָארְן, אוּנְד דִיא גֶעשְׁטַאלְט פוּן זַיין פָּנִים הָאט זִיךְ פֶערְעֶנְדֶערְט קֶעגֶען שַׁדְרַךְ, מֵישַׁךְ, אוּנְד עֲבֵד נְגוֹ, אַזוֹי הָאט עֶר גֶעשְׁרִיעֶן אוּנְד בֶּעפוֹילֶען אַז מֶען זָאל אָנְהֵייצֶען דֶעם אוֹיפֶען זִיבֶּען מָאל מֶעהְר װִיא מֶען הָאט עֶס גֶעװֶעהְנְלִיךְ גֶעהֵייצְט׃ 20 אוּנְד צוּ דִיא שְׁטַארְקְסְטֶע לֵייט פוּן זַיין חַיִל הָאט עֶר גֶעבֶּאטֶען אַז זַייא זָאלֶען בִּינְדֶען שַׁדְרַךְ, מֵישַׁךְ, אוּנְד עֲבֵד נְגוֹ, אוּנְד מֶען זָאל זַייא אַרֵיינְװַארְפֶען אִין דֶעם בְּרֶענֶענְדִיגֶען פַייעֶר־אוֹיפֶען׃ 21 דֶענְסְמָאל זֶענֶען דִיא דָאזִיגֶע מֶענֶער גֶעבּוּנְדֶען גֶעװָארֶען אִין זַייעֶרֶע רֶעק, זַייעֶרֶע הוֹיזֶען אוּנְד זַייעֶרֶע הִיטְעל, אוּנְד זַייעֶרֶע אַנְדֶערֶע קְלֵיידֶער, אוּנְד מֶען הָאט זַייא אַרֵיינְגֶעװָארְפֶען אִין דֶעם בְּרֶענֶענְדִיגֶען פַייעֶר־אוֹיפֶען׃ 22 װֵייל דֶעם מֶלֶךְ׳ס בֶּעפֶעהְל אִיז אַזוֹי שְׁטְרֶענְג גֶעװֶעזֶען אוּנְד דֶער אוֹיפֶען אִיז אַזוֹי שְׁטַארְק גֶעהֵייצְט גֶעװֶעזֶען, דָארוּם הָאבֶּען דִיא פְלַאמֶען דֶערְשְׁלָאגֶען דִיא מֶענֶער װָאס הָאבֶּען שַׁדְרַךְ, מֵישַׁךְ, אוּנְד עֲבֵד נְגוֹ אִין דֶעם אוֹיפֶען אַרֵיינְגֶעװָארְפֶען׃ 23 אָבֶּער דִיא דָאזִיגֶע דְרֵייא מֶענֶער, שַׁדְרַךְ, מֵישַׁךְ, אוּנְד עֲבֵד נְגוֹ, זֶענֶען גֶע־בּוּנְדֶענֶערְהֵייט אַרֵיינְגֶעפַאלֶען אִין דֶעם בְּרֶענֶענְדִיגֶען פַייעֶר־אוֹיפֶען׃ 24 אַזוֹי הָאט זִיךְ דֶער מֶלֶךְ נְבוּכַדְנֶצַּר זֶעהְר פֶערְװוּנְדֶערְט, אוּנְד עֶר אִיז גֶעשְׁװִינְד אוֹיפְגֶע־שְׁטַאנֶען אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט צוּ זַיינֶע אָנְפִיהְרֶערְס, הָאבֶּען מִיר נִיט דְרֵייא מֶענֶער גֶעבּוּנְדֶענֶערְהֵייט אַרֵיינְגֶעװָארְפֶען אִין דֶער מִיטֶען פוּן דֶעם פַייעֶר? אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד צוּ דֶעם מֶלֶךְ גֶעזָאגְט, עֶס אִיז אֶמֶת, אָ מֶלֶךְ! 25 אַזוֹי הָאט עֶר גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד גֶעזָאגְט, אִיךְ זֶעה דָאךְ פִיעֶר מֶענֶער פְרֵייא אַרוּמְגֶעהְן אִין דֶער מִיטֶען פוּן דֶעם פַייעֶר; אוּנְד עֶס טְהוּט זַייא גָארְנִיט װֶעה, אוּנְד דִיא גֶעשְׁטַאלְט פוּן דֶעם פִיעֶרְטֶען אִיז גְלֵייךְ אַזוֹי װִיא דֶער זוּהְן פוּן גָאט׃ 26 אַזוֹי הָאט זִיךְ נְבוּכַדְנֶצַּר גֶענֶעהֶנְט צוּ דֶער טִיעֶר פוּן דֶעם פַייעֶר־אוֹיפֶען, אוּנְד עֶר הָאט גֶעשְׁרִיעֶן אוּנְד גֶעזָאגְט, שַׁדְרַךְ, מֵישַׁךְ, אוּנְד עֲבֵד נְגוֹ! אִיהְר קְנֶעכְט פוּן דֶעם הֶעכְסְטֶען גָאט, גֶעהְט אַרוֹיס אוּנְד קוּמְט אַהֶער; אַזוֹי זֶענֶען שַׁדְרַךְ, מֵישַׁךְ, אוּנְד עֲבֵד נְגוֹ אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען פוּן מִיטֶען דֶעם פַייעֶר׃ 27 אוּנְד װֶען דִיא פִירְשְׁטֶען, גוּבֶּערְנַאטָארְס אוּנְד דִיא הַארֶען, אוּנְד דִיא אוֹיבֶּערְשְׁטֶע, אוּנְד דִיא פִיהְרֶערְס פוּן דֶעם מֶלֶךְ הָאבֶּען זִיךְ פֶערְזַאמֶעלְט, אַזוֹי הָאבֶּען זַייא גֶעזֶעהֶען דִיא דָאזִיגֶע מֶענֶער אַז דָאס פַייעֶר הָאט קֵיינֶע שְׁלִיטָה נִיט גֶעהַאט אִיבֶּער זַייעֶרֶע לֵייבֶּער, אוּנְד דָאס אַפִילוּ דִיא הָאר פוּן זַייעֶרֶע קֶעפּ זֶענֶען נִיט פֶערְזֶענְגְט גֶעװָארֶען, אוּנְד זַייעֶרֶע רֶעק הָאבֶּען זִיךְ נִיט פֶערְעֶנְדֶערְט, אוּנְד עֶס אִיז נִיט אַמָאל גֶעװֶעזֶען אַ רֵיחַ פוּן פַייעֶר אִיבֶּער זַייא׃ 28 דֶענְסְמָאל הָאט נְבוּכַדְנֶצַּר גֶעעֶנְטְפֶערְט, אוּנְד גֶעזָאגְט, גֶעבֶּענְשְׁט אִיז דֶער גָאט פוּן שַׁדְרַךְ, מֵישַׁךְ, אוּנְד עֲבֵד נְגוֹ, װָאס הָאט גֶעשִׁיקְט זַיין מַלְאָךְ אוּנְד הָאט מַצִיל גֶעװֶעזֶען זַיינֶע קְנֶעכְט װָאס הָאבֶּען אִין אִיהְם פֶערְטְרוֹיעְט, אוּנְד װָאס הָאבֶּען פֶערְעֶנְדֶערְט דֶעם מֶלֶךְ׳ס װָארְט, אוּנְד הָאבֶּען אִיבֶּערְגֶעעֶנְטְפֶערְט זַייעֶרֶע לֵייבֶּער, אַז זַייא זָאלֶען נִיט דִינֶען אוּנְד זִיךְ נִיט בִּיקֶען צוּ קֵיין שׁוּם גָאט, נֵייעֶרְט

צו זייער גאט: 29 דאריבער מאך איך
א געבאט, דאס איטליכעס פאלק אונד
איטליכע אומה אונד לשון, וואס וועט
איינע אומרעכטע זאך זאגען קעגען
דעם גאט פון שדרך, מישך, אונד עבד
נגו, דער זאל אויף שטיקלעך צוהאקט
ווערען, אונד זיירע הייזער זאלען גע־
מאכט ווערען צו א מיסט־הויפען, ווארין
עס איז ניט פערהאנדען קיין אנדערער
גאט וואס קען אזוי מציל זיין וויא דער
דאזיגער: 30 דענסמאל האט דער מלך
אנגעשטעלט דעם שדרך, מישך, אונד
עבד נגו, איבער דיא מדינה פון בבל:
31 נבוכדנצר, דער מלך, צו אלע פעל־
קער, אומות אונד לשונות וואס וואוינען
אויף דער גאנצער ערד; שלום זאל צו
אייך פערמעהרט ווערען! 32 איך האלט
עס פאר גוט אונד שעהן בעקאנט צו
מאכען דיא צייכען אונד וואונדער וואס
דער העכסטער גאט האט מיט מיר
געטהון: 33 א וויא גרויס זענען זיינע
צייכען! אונד וויא גרויס זענען זיינע וואונדער! זיין קעניגרייך איז איין עביגעס
קעניגרייך, אונד זיינע געוועלטיגקייט געדויערט פון דור צו דור:

29 לאלההון: ומני שים טעם די כל־עם אמה ולשן די־
יאמר שלה על־אלההון די־שדרך מישך ועבד נגוא
הדמין יתעבד וביתה נולי ישתוה כל־קבל די לא איתי
ל אלה אחרן די־יכל להצלה כדנה: באדין מלכא
הצלח לשדרך מישך ועבד נגו במדינת בבל:
31 נבוכדנצר מלכא לכל־עממיא אמיא ולשניא די־דארין
32 בכל־ארעא שלמכון ישגא: אתיא ותמהיא די עבד עמי
33 אלהא עליא שפר קדמי להחויה: אתוהי כמה רברבין
ותמהוהי כמה תקיפין מלכותה מלכות עלם ושלטנה
עם־דר ודר:

ד ד

א 2 אנה נבוכדנצר שלה הוית בביתי ורענן בהיכלי: חלם
חזית וידחלנני והרהרין על־משכבי וחזוי ראשי יבהלנני:
3 ומני שים טעם להנעלה קדמי לכל חכימי בבל די־פשר
4 חלמא יהודענני: באדין עללין חרטמיא אשפיא כשדיא
/ וגזריא וחלמא אמר אנה קדמיהון ופשרה לא־מהודעין
ה לי: ועד אחרין על קדמי דניאל די־שמה בלטשאצר
כשם אלהי ודי רוח־אלהין קדישין בה וחלמא קדמוהי
6 אמרת: בלטשאצר רב חרטמיא די | אנה ידעת די רוח
אלהין קדישין בך וכל־רז לא־אנס לך חזוי חלמי די־
7 חזית ופשרה אמר: וחזוי ראשי על־משכבי חזה הוית
8 ואלו אילן בגוא ארעא ורומה שגיא: רבה אילנא ותקף
9 ורומה ימטא לשמיא וחזותה לסוף כל־ארעא: עפיה
ו שפיר ואנבה שגיא ומזון לכלא־בה תחתוהי תטלל
חיות ברא ובענפוהי ידרון צפרי שמיא ומנה יתזין כל־
י בשרא: חזה הוית בחזוי ראשי על־משכבי ואלו עיר

## קאפיטעל ד

1 איך נבוכדנצר, בין געוועזען בשלוה אין מיין הויז, אונד פריש (געזונד) אין מיין
פאלאסט: 2 איך האב געזעהען א חלום וואס האט מיך דערשראקען, אונד דיא
געדאנקען אויף מיין געלעגער אונד דיא זעהונג פון מיין קאפ האבען מיך זעהר
דערשראקען: 3 דאריבער האב איך ארויסגעגעבען א געבאט אז מען זאל פאר מיר
ברענגען אלע קלוגע לייט פון בבל כדי זייא זאלען מיר צו וויסען טהון דיא בעדייטונג
פון דעם חלום: 4 דענסמאל זענען געקומען דיא חרטומים, בעשווערערם, אונד דיא
כישוף־מאכערם אונד דיא כשדים, אונד דיא וואהרזאגערם, אונד איך האב פאר זייא
געזאגט דעם חלום, אבער זייא האבען מיר ניט געקענט זאגען דיא בעדייטונג דערפון:
5 אבער צו לעצט איז דניאל פאר מיר אריינגעקומען, וואס הייסט בלטשאצר, נאך
דעם נאמען פון מיין גאט, אונד אין וועמען עס איז דער רוח פון דעם היילינגען גאט,
אונד פאר איהם האב איך דערצעהלט דעם חלום, אזוי צו זאגען: 6 א בלטשאצר,
דוא אויבערשטער פון דיא חרטומים! ווייל איך וויים אז דער רוח הקודש פון דעם
היילינגען גאט איז אין דיר, אונד קיין סוד איז ניט פון דיר פערבארגען, אזוי זאג מיר
דאס געזיכט פון מיין חלום אונד דיא בעדייטונג דערפון: 7 אזוי איז געוועזען דאס
געזיכט פון מיין קאפ אויף מיין בעט. איך האב געזעהען אז א בוים איז געוועזען אין
מיטען פון דער ערד, אונד דיא הייך דערפון איז זעהר גרויס געוועזען: 8 דער בוים
האט געוואקסען אונד איז שטארק געווארען, אונד דיא הייך דערפון האט געגרייכט
ביז צום הימעל, אונד מען האט איהם געזעהען ביז אן דעם עגד פון דער גאנצער
ערד: 9 זיינע בלעטער זענען שעהן געוועזען, אונד זיינע פירות פיל, אונד גענוג
פאר אלע פאר שפייז, הינטער איהם איז געוועזען א שאטען פאר דיא חיות פון
דעם פעלד, אונד דיא פעגעל פון הימעל האבען געוואוינט אין זיינע צווייגען, אונד
פון איהם זענען אלע בעשעפענים געשפייזט געווארען: 10 אונד איך האב
ווייטער געזעהען אין דעם געזיכט פון מיין קאפ אויף מיין בעט, אונד זעה

11 וְקַדִּישׁ מִן־שְׁמַיָּא נָחִת׃ קָרֵא בְחַיִל וְכֵן אָמַר גֹּדּוּ אִילָנָא
וְקַצִּצוּ עַנְפוֹהִי אַתַּרוּ עָפְיֵהּ וּבַדַּרוּ אִנְבֵּהּ תְּנֻד חֵיוְתָא מִן
12 תַּחְתּוֹהִי וְצִפְּרַיָּא מִן־עַנְפוֹהִי׃ בְּרַם עִקַּר שָׁרְשׁוֹהִי בְּאַרְעָא
שְׁבֻקוּ וּבֶאֱסוּר דִּי־פַרְזֶל וּנְחָשׁ בְּדִתְאָא דִּי בָרָא וּבְטַל
13 שְׁמַיָּא יִצְטַבַּע וְעִם־חֵיוְתָא חֲלָקֵהּ בַּעֲשַׂב אַרְעָא׃ לִבְבֵהּ
מִן־אֲנוֹשָׁא יְשַׁנּוֹן וּלְבַב חֵיוָא יִתְיְהִב לֵהּ וְשִׁבְעָה עִדָּנִין
14 יַחְלְפוּן עֲלוֹהִי׃ בִּגְזֵרַת עִירִין פִּתְגָמָא וּמֵאמַר קַדִּישִׁין
שְׁאֶלְתָא עַד־דִּבְרַת דִּי־יִנְדְּעוּן חַיַּיָּא דִּי־שַׁלִּיט עִלָּיָא
בְּמַלְכוּת אֲנוֹשָׁא וּלְמַן־דִּי יִצְבֵּא יִתְּנִנַּהּ וּשְׁפַל אֲנָשִׁים יְקִים
טו עֲלַהּ׃ דְּנָה חֶלְמָא חֲזֵית אֲנָה מַלְכָּא נְבוּכַדְנֶצַּר וְאַנְתְּה
בֵּלְטְשַׁאצַּר פִּשְׁרָא ׀ אֱמַר כָּל־קֳבֵל דִּי ׀ כָּל־חַכִּימֵי
מַלְכוּתִי לָא־יָכְלִין פִּשְׁרָא לְהוֹדָעוּתַנִי וְאַנְתְּה כָּהֵל דִּי
16 רוּחַ־אֱלָהִין קַדִּישִׁין בָּךְ׃ אֱדַיִן דָּנִיֵּאל דִּי־שְׁמֵהּ בֵּלְטְשַׁאצַּר
אֶשְׁתּוֹמַם כְּשָׁעָה חֲדָה וְרַעְיֹנֹהִי יְבַהֲלֻנֵּהּ עָנֵה מַלְכָּא וְאָמַר
בֵּלְטְשַׁאצַּר חֶלְמָא וּפִשְׁרֵא אַל־יְבַהֲלָךְ עָנֵה בֵלְטְשַׁאצַּר
17 וְאָמַר מָרְאִי חֶלְמָא לְשָׂנְאָךְ וּפִשְׁרֵהּ לְעָרָךְ׃ אִילָנָא
דִּי חֲזַיְתָ דִּי רְבָה וּתְקִף וְרוּמֵהּ יִמְטֵא לִשְׁמַיָּא וַחֲזוֹתֵהּ
18 לְכָל־אַרְעָא׃ וְעָפְיֵהּ שַׁפִּיר וְאִנְבֵּהּ שַׂגִּיא וּמָזוֹן לְכֹלָּא־
בֵהּ תְּחֹתוֹהִי תְּדוּר חֵיוַת בָּרָא וּבְעַנְפוֹהִי יִשְׁכְּנָן צִפֲּרֵי
19 שְׁמַיָּא׃ אַנְתְּה־הוּא מַלְכָּא דִּי רְבַית וּתְקֵפְתְּ וּרְבוּתָךְ
כ רְבָת וּמְטָת לִשְׁמַיָּא וְשָׁלְטָנָךְ לְסוֹף אַרְעָא׃ וְדִי חֲזָה
מַלְכָּא עִיר וְקַדִּישׁ נָחִת ׀ מִן־שְׁמַיָּא וְאָמַר גֹּדּוּ אִילָנָא
וְחַבְּלוּהִי בְּרַם עִקַּר שָׁרְשׁוֹהִי בְּאַרְעָא שְׁבֻקוּ וּבֶאֱסוּר
דִּי־פַרְזֶל וּנְחָשׁ בְּדִתְאָא דִּי בָרָא וּבְטַל שְׁמַיָּא יִצְטַבַּע
וְעִם־חֵיוַת בָּרָא חֲלָקֵהּ עַד דִּי־שִׁבְעָה עִדָּנִין יַחְלְפוּן עֲלוֹהִי׃
21 דְּנָה פִשְׁרָא מַלְכָּא וּגְזֵרַת עִלָּיָא הִיא דִּי מְטָת עַל־מָרְאִי

א הֵיילִיגֶער מַלְאָךְ (וֶועכְטֶער) אִיז אַרוּפְּגֶעקוּמֶען פוּם הִימֶעל: 11 עֶר הָאט אוֹיסְגֶערוּפֶען מִיט כֹּחַ, אוּנְד אַזוֹי הָאט עֶר גֶעזָאגְט, שְׁנֵייט אָפּ דֶעם בּוֹים, אוּנְד הַאקְט אָפּ זֵיינֶע צְוֵוייגֶען, שָׁאקֶעלְט אָפּ דִיא בְּלֶעטֶער, אוּנְד צוּשְׁטְרֵייעט זֵיינֶע פֵּירוֹת, לָאזֶען דִיא חַיוֹת פוּן אוּנְטֶער אִיהְם פֶערְטְרִיבֶּען וֶוערֶען, אוּנְד דִיא פֶעגֶעל פוּן זֵיינֶע צְוֵוייגֶען: 12 אָבֶּער לָאזְט אִיבֶּער דֶעם עִקָר פוּן זֵיינֶע וָואוּרְצֶעלְן אִין דֶער עֶרְד, אוּנְד בִּינְט אִיהְם מִיט אַ קֶעט פוּן אַייזֶען אוּנְד קוּפֶּער אִין דֶעם גְרָאז פוּן דֶעם פֶעלְד; אוּנְד לָאז עֶר בֶּענֶעצְט וֶוערֶען מִיט דֶעם טוֹיא פוּן דֶעם הִימֶעל, אוּנְד זֵיין חֵלֶק עֶסֶען זָאל זֵיין מִיט דִיא חַיוֹת פוּן דֶעם פֶעלְד אִין דֶעם גְרָאז פוּן דֶער עֶרְד: 13 זֵיין מֶענְשְׁלִיכֶעם הַארְץ זָאל פֶערְעֶנְדֶערְט וֶוערֶען, אוּנְד אַ הַארְץ פוּן אַ חַיָה זָאל צוּ אִיהְם גֶעגֶעבֶּען וֶוערֶען, אוּנְד זִיבֶּען (יָאהְר) צֵייטֶען זָאלֶען אִיבֶּער אִיהְם אַרִיבֶּערְגֶעהְן: 14 מִיט דִיא דָאזִיגֶער גְזֵרָה אִיז דִיא זַאךְ אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען דוּרְךְ דִיא וַואכֶענְדִיגֶע מַלְאָכִים, אוּנְד אוֹיף דֶעם בֶּעפֶעהְל פוּן דִיא הֵיילִיגֶע אִיז דָאס פֶערְלַאנְגֶען דֶערְפוּן, כְּדֵי דִיא לֶעבֶּעדִיגֶע זָאלֶען וִויסֶען אַז דֶער אוֹיבֶּערְשְׁטֶער גֶעוֶועלְטִיגְט אִין דֶעם מַלְכוּת פוּן דִיא מֶענְשֶׁען, אוּנְד אַז עֶר גֶעבְּט עֶס צוּ וֶועמֶען עֶר וִויל, אוּנְד עֶר קֶען אוֹיפְשְׁטֶעלֶען דֶעם נִידְרִיגְסְטֶען פוּן דִיא מֶענְשֶׁען: 15 דֶעם דָאזִיגֶען חָלוֹם הָאבּ אִיךְ, מֶלֶךְ נְבוּכַדְנֶצַּר, גֶעזֶעהֶען, אוּנְד דוּא אָ בֵּלְטְשַׁאצַּר, זָאג אָן דִיא בֶּעדֵייטוּנְג דֶערְפוּן, וָוארִין קֵיין אֵיינְצִיגֶער פוּן דִיא חֲכָמִים אִין מֵיין מַלְכוּת זֶענֶען נִיט אִים שְׁטַאנְד מִיר אָנְצוּזָאגֶען דִיא בֶּעדֵייטוּנְג, אָבֶּער דוּא קֶענְסְט עֶס יוֹא, וָוארִין דֶער רוּחַ הַקוֹדֶשׁ פוּן דִיא הֵיילִיגֶע גֶעטֶער אִיז אִין דִיר: 16 דֶערְנָאכְמָאל אִיז דָנִיאֵל, וָואס זֵיין נָאמֶען אִיז בֵּלְטְשַׁאצַּר, פֶערְוִואוּנְדֶערְט (שְׁטִיל גֶעוֶועזֶען) אֵיינֶע שָׁעָה, אוּנְד זֵיינֶע גֶעדַאנְקֶען הָאבֶּען אִיהְם דֶערְשְׁרָאקֶען, אַזוֹי הָאט דֶער מֶלֶךְ גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד גֶעזָאגְט, אָ בֵּלְטְשַׁאצַּר! לָאז דִיךְ נִיט דֶער חָלוֹם אוּנְד דִיא בֶּעדֵייטוּנְג דֶערְפוּן דֶערְשְׁרֶעקֶען, אַזוֹי הָאט בֵּלְטְשַׁאצַּר גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד גֶעזָאגְט, מֵיין הַאר, לָאז דֶער חָלוֹם זֵיין צוּ דֵיינֶע שׂוֹנְאִים, אוּנְד דִיא בֶּעדֵייטוּנְג דֶערְפוּן צוּ דֵיינֶע פֵיינְד: 17 דֶער בּוֹים וָואס דוּא הָאסְט גֶעזֶעהֶען, וָואס הָאט גֶעוַואקְסֶען, אוּנְד אִיז שְׁטַארְק גֶעוֶועזֶען, אוּנְד וָואס זֵיינֶע הֵייךְ הָאט גֶעגְרֵייכְט צוּם הִימֶעל אוּנְד וָואס אִיז גֶעזֶעהֶען גֶעוָוארֶען אוֹיף דֶער גַאנְצֶער עֶרְד: 18 אוּנְד וָואס זֵיינֶע בְּלֶעטֶער זֶענֶען שֶׁעהְן גֶעוֶועזֶען, אוּנְד דִיא פֵּירוֹת דֶערְפוּן זֶעהְר פִיל, אוּנְד עֶס אִיז אִין אִיהְם גֶעוֶועזֶען שְׁפֵּייז פַאר אַלֶע; אוּנְד דָאס דִיא חַיוֹת פוּן דֶעם פֶעלְד הָאבֶּען אוּנְטֶער אִיהְם גֶערוּהְט, אוּנְד דִיא פֶעגֶעל פוּן דֶעם הִימֶעל הָאבֶּען גֶעוְואוֹינְט אוֹיף זֵיינֶע צְוֵוייגֶען: 19 דָאס בִּיזְט דוּא, אָ מֶלֶךְ! וָואס דוּא בִּיזְט גְרוֹיס אוּנְד שְׁטַארְק גֶעוָוארֶען, וָוארִין דֵיינֶע גְרוֹיסְקֵייט אִיז גֶעוַואקְסֶען אוּנְד גְרֵייכְט בִּיז צוּ דֶעם הִימֶעל, אוּנְד דֵיינֶע גֶעוֶועלְטִיגְקֵייט בִּיז צוּ דֶער עֶרְד: 20 אוּנְד דָאס וָואס דֶער מֶלֶךְ הָאט גֶעזֶעהֶען אַ וַואכֶער אוּנְד אַ הֵיילִיגֶער (מַלְאָךְ) אַרוּנְטֶער קוּמֶען פוּם הִימֶעל, אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, שְׁנֵייט אָפּ דֶעם בּוֹים אוּנְד פֶערְדַארְבְּט אִיהְם, אָבֶּער לָאזְט אִיבֶּער דֶעם עִקָר פוּן זֵיינֶע וָוארְצֶעל אִין דֶער עֶרְד, בִּינְט אִיהְם מִיט אַ קֶעט פוּן אֵייזֶען אוּנְד קוּפֶּער אִין דֶעם גְרָאז פוּן דֶעם פֶעלְד, אוּנְד לָאז עֶר בֶּענֶעצְט וֶוערֶען מִיט דֶעם טוֹיא פוּם הִימֶעל, אוּנְד זֵיין חֵלֶק עֶסֶען זָאל זֵיין מִיט דִיא חַיוֹת פוּן דֶעם פֶעלְד, בִּיז זִיבֶּען (יָאהְר) צֵייטֶען וֶועלֶען אִיבֶּער אִיהְם אַרִיבֶּערְגֶעהְן: 21 דָאס אִיז דִיא בֶּעדֵייטוּנְג, אָ מֶלֶךְ! אוּנְד דָאס אִיז דִיא גְזֵרָה פוּן דֶעם אוֹיבֶּערְשְׁטֶען, וָואס אִיז גֶעקוּמֶען אִיבֶּער מֵיין הַאר

דעם

22 מַלְכָּא׃ וְלָךְ טָרְדִין מִן־אֲנָשָׁא וְעִם־חֵיוַת בָּרָא לֶהֱוֵה
מְדֹרָךְ וְעִשְׂבָּא כְתוֹרִין ׀ לָךְ יְטַעֲמוּן וּמִטַּל שְׁמַיָּא לָךְ
מְצַבְּעִין וְשִׁבְעָה עִדָּנִין יַחְלְפוּן עֲלָיךְ עַד ׀ דִּי־תִנְדַּע דִּי־
שַׁלִּיט עִלָּיאָ בְּמַלְכוּת אֲנָשָׁא וּלְמַן־דִּי יִצְבֵּא יִתְּנִנַּהּ׃
23 וְדִי אֲמַרוּ לְמִשְׁבַּק עִקַּר שָׁרְשׁוֹהִי דִּי אִילָנָא מַלְכוּתָךְ
24 לָךְ קַיָּמָא מִן־דִּי תִנְדַּע דִּי שַׁלִּטִן שְׁמַיָּא׃ לָהֵן מַלְכָּא
מִלְכִּי יִשְׁפַּר עֲלָיךְ וַחֲטָיָךְ בְּצִדְקָה פְרֻק וַעֲוָיָתָךְ בְּמִחַן
כה עֲנָיִן הֵן תֶּהֱוֵה אַרְכָא לִשְׁלֵוְתָךְ׃ כֹּלָּא מְטָא עַל־נְבוּכַדְנֶצַּר
26 מַלְכָּא׃ לִקְצָת יַרְחִין תְּרֵי־עֲשַׂר עַל־הֵיכַל מַלְכוּתָא
27 דִּי בָבֶל מְהַלֵּךְ הֲוָה׃ עָנֵה מַלְכָּא וְאָמַר הֲלָא דָא־הִיא
בָּבֶל רַבְּתָא דִּי־אֲנָה בֱנַיְתַהּ לְבֵית מַלְכוּ בִּתְקַף חִסְנִי
28 וְלִיקָר הַדְרִי׃ עוֹד מִלְּתָא בְּפֻם מַלְכָּא קָל מִן־שְׁמַיָּא
נְפַל לָךְ אָמְרִין נְבוּכַדְנֶצַּר מַלְכָּא מַלְכוּתָה עֲדָת מִנָּךְ׃
29 וּמִן־אֲנָשָׁא לָךְ טָרְדִין וְעִם־חֵיוַת בָּרָא מְדֹרָךְ עִשְׂבָּא
כְתוֹרִין לָךְ יְטַעֲמוּן וְשִׁבְעָה עִדָּנִין יַחְלְפוּן עֲלָיךְ עַד ׀ דִּי־
תִנְדַּע דִּי־שַׁלִּיט עִלָּיאָ בְּמַלְכוּת אֲנָשָׁא וּלְמַן דִּי־יִצְבֵּא
ל יִתְּנִנַּהּ׃ בַּהּ־שַׁעֲתָא מִלְּתָא סָפַת עַל־נְבוּכַדְנֶצַּר וּמִן־אֲנָשָׁא
טְרִיד וְעִשְׂבָּא כְתוֹרִין יֵאכֻל וּמִטַּל שְׁמַיָּא גִּשְׁמֵהּ יִצְטַבַּע
31 עַד דִּי שַׂעְרֵהּ כְּנִשְׁרִין רְבָה וְטִפְרוֹהִי כְצִפְּרִין׃ וְלִקְצָת
יוֹמַיָּא אֲנָה נְבוּכַדְנֶצַּר עַיְנַי ׀ לִשְׁמַיָּא נִטְלֵת וּמַנְדְּעִי עֲלַי
יְתוּב וּלְעִלָּיאָ בָּרְכֵת וּלְחַי עָלְמָא שַׁבְּחֵת וְהַדְּרֵת דִּי שָׁלְטָנֵהּ
32 שָׁלְטָן עָלַם וּמַלְכוּתֵהּ עִם־דָּר וְדָר׃ וְכָל־דָּארֵי אַרְעָא כְּלָה
חֲשִׁיבִין וּכְמִצְבְּיֵהּ עָבֵד בְּחֵיל שְׁמַיָּא וְדָארֵי אַרְעָא וְלָא
33 אִיתַי דִּי־יְמַחֵא בִידֵהּ וְיֵאמַר לֵהּ מָה עֲבַדְתְּ׃ בֵּהּ־זִמְנָא
מַנְדְּעִי ׀ יְתוּב עֲלַי וְלִיקַר מַלְכוּתִי הַדְרִי וְזִוִי יְתוּב עֲלַי
וְלִי הַדָּבְרַי וְרַבְרְבָנַי יְבַעוֹן וְעַל־מַלְכוּתִי הׇתְקְנַת וּרְבוּ

דעם מֶלֶךְ: 22 מען וועט דיך פערטרייבען פון דיא מענשען, אונד דיינע
וואוינונג וועט זיין מיט דיא חיות פון
דעם פעלד, אונד מען וועט דיך מאכען
עסען גראז אזוי וויא אָקסען, אונד מען
וועט דיך בענעצען מיט דעם טויא פום
הימעל, אונד זיבען (יאהר) צייטען
וועלען איבער דיר אריבערגעהן, ביז
דוא וועסט וויסען דאס דער אויבער־
שטער געוועלטיגט אין דעם קעניגרייך
פון דיא מענשען, אונד אז ער געט עס
צו וועמען ער וויל: 23 אונד דאס וואס
מען האט בעפוילען אז מען זאל איבער־
לאזען דעם עקר פון דיא ווארצעל פון
דעם בוים, (דאס בעדייט) דיין מלכות
זאל צו דיר בעשטעהן בלייבען כדי דוא
זאלסט נאכדעם דערקענען אז (דער
אויבערשטער פון) דיא הימעל טהוט
געוועלטיגען: 24 דאריבער, א מֶלֶךְ!
לאז דיר מיינע עצה וואוילגעפעליג זיין,
אז דוא זאלסט דיך פרייא מאכען
פון דיינע זינדען דורך גערעכטיגקייט,
אונד פון דיינע אומגערעכטיגקייט דורך
בארמהערציגקייט איבער דיא ארעמע; וואריין טאמער וועט זיין א דערלענגערונג צו
דיין שלום: 25 דאס אלעם איז געקומען אויף נבוכדנצר המלך: 26 אן דעם ענד
פון צוועלף חדשים ווען ער איז ארומגעגאנגען אין דעם קעניגליכען פאלאסט אין
בבל: 27 האט דער מֶלֶךְ געענטפערט אונד געזאגט, איז ניט דאס דיא גרויסע
(שטאט) בבל וואס איך האב געבויעט פאר דעם קעניגליכען הויזגעזינד, דורך דיא
מאכט פון מיין כח, אונד פאר דעם כבוד פון מיינע שעהנקייט? 28 ווען דאס ווארט
איז נאך געוועזען אין דעם מֶלֶךְ'ס מויל, אזוי איז א קול ארופגעפאלען פון דעם
הימעל וואס האט געזאגט, א דוא מֶלֶךְ נבוכדנצר! צו דיר איז דאס געזאגט געווארען,
דאס מלכות האט זיך פון דיר אוועקגעקעהרט: 29 אונד מען וועט דיך פערטרייבען
פון דיא מענשען, אונד דיינע וואוינונג וועט זיין מיט דיא חיות פון דעם פעלד; מען
וועט דיך מאכען עסען גראז אזוי וויא אקסען, אונד זיבען (יאהר) צייטען וועלען איבער
דיר אריבערגעהן, ביז דוא וועסט דערקענען אז דער אויבערשטער געוועלטיגט איבער
דיא קעניגרייכע פון דיא מענשען, אונד אז ער געט עס צו וועמען ער וויל: 30 אין
דערזעלביגער צייט איז דאס ווארט מקוים געווארען איבער נבוכדנצר, אונד ער איז
פערטריבען געווארען פון דיא מענשען, אונד ער האט בעגעסען גראז אזוי וויא אקסען,
אונד זיין גוף איז בענעצט (געבאדען) געווארען מיט דעם טויא פום הימעל, ביז זיינע
האר זענען געוואקסען אזוי גרויס וויא אדלערס (פעדערן) אונד זיינע נעגעל אזוי וויא
דיא פעגעל'ס קלויען: 31 אונד אן דעם ענד פון דיא טעג האב איך נבוכדנצר אויפ־
געהויבען מיינע אויגען צום הימעל אזוי איז מיין פערשטאנד צו מיר צוריקגעקומען,
אונד איך האב געבענשט דעם אויבערשטען, אונד איך האב געלויבט אונד בעשיינט
דעם וואס לעבט אויף עביג, וואס זיינע געוועלטיגונג איז איינע עביגע געוועלטיגונג,
אונד זיין קעניגרייך איז פון דור צו דור: 32 אונד אלע בעוואוינער פון דער ערד זענען
גערעכענט וויא גארניט, אונד ער טהוט נאך זיין ווילען מיט דיא חיילות פון דעם הימעל,
אונד מיט דיא בעוואוינער פון דער ערד, אונד קיין איינציגער קען זיינע האנד אפ־
וועהרען אונד צו איהם זאגען, וואס טהוסט דוא? 33 אין דערזעלביגער צייט האט זיך מיין
פערשטאנד צו מיר צוריקגעקעהרט, אונד דער כבוד פון מיין קעניגרייך אונד מיינע שעהנ־
הייט האט זיך צו מיר צוריקגעקעהרט, אונד מיינע עצה געבערס אונד מיינע פירשטען
האבען מיך ווידער בעגעהרט, אונד איך בין ווידער אנגעברייט געווארען אויף מיין מלכות,

אונד

34 יְתִירָה הוּסְפַת־לִי׃ כְּעַן אֲנָה נְבֻכַדְנֶצַּר מְשַׁבַּח וּמְרוֹמֵם
וּמְהַדַּר לְמֶלֶךְ שְׁמַיָּא דִּי כָל־מַעֲבָדוֹהִי קְשֹׁט וְאֹרְחָתֵהּ
דִּין וְדִי מַהְלְכִין בְּגֵוָה יָכִל לְהַשְׁפָּלָה׃

ה

א בֵּלְשַׁאצַּר מַלְכָּא עֲבַד לְחֶם רַב לְרַבְרְבָנוֹהִי אֲלַף וְלָקֳבֵל
2 אַלְפָּא חַמְרָא שָׁתֵה׃ בֵּלְשַׁאצַּר אֲמַר ׀ בִּטְעֵם חַמְרָא
לְהַיְתָיָה לְמָאנֵי דַּהֲבָא וְכַסְפָּא דִּי הַנְפֵּק נְבוּכַדְנֶצַּר
אֲבוּהִי מִן־הֵיכְלָא דִּי בִירוּשְׁלֶם וְיִשְׁתּוֹן בְּהוֹן מַלְכָּא
3 וְרַבְרְבָנוֹהִי שֵׁגְלָתֵהּ וּלְחֵנָתֵהּ׃ בֵּאדַיִן הַיְתִיו מָאנֵי דַהֲבָא
דִּי הַנְפִּקוּ מִן־הֵיכְלָא דִּי־בֵית אֱלָהָא דִּי בִירוּשְׁלֶם וְאִשְׁתִּיו
4 בְּהוֹן מַלְכָּא וְרַבְרְבָנוֹהִי שֵׁגְלָתֵהּ וּלְחֵנָתֵהּ׃ אִשְׁתִּיו חַמְרָא
וְשַׁבַּחוּ לֵאלָהֵי דַּהֲבָא וְכַסְפָּא נְחָשָׁא פַרְזְלָא אָעָא
ה וְאַבְנָא׃ בַּהּ־שַׁעֲתָה נְפַקוּ אֶצְבְּעָן דִּי יַד־אֱנָשׁ וְכָתְבָן לָקֳבֵל
נֶבְרַשְׁתָּא עַל־גִּירָא דִּי־כְתַל הֵיכְלָא דִּי מַלְכָּא וּמַלְכָּא
6 חָזֵה פַּס יְדָה דִּי כָתְבָה׃ אֱדַיִן מַלְכָּא זִיוֺהִי שְׁנוֹהִי
וְרַעְיֹנֹהִי יְבַהֲלוּנֵּהּ וְקִטְרֵי חַרְצֵהּ מִשְׁתָּרַיִן וְאַרְכֻבָּתֵהּ דָּא
7 לְדָא נָקְשָׁן׃ קָרֵא מַלְכָּא בְּחַיִל לְהֶעָלָה לְאָשְׁפַיָּא כַּשְׂדָּיֵא
וְגָזְרַיָּא עָנֵה מַלְכָּא וְאָמַר ׀ לְחַכִּימֵי בָבֶל דִּי כָל־אֱנָשׁ
דִּי־יִקְרֵה כְּתָבָה דְנָה וּפִשְׁרֵהּ יְחַוִּנַּנִי אַרְגְּוָנָא יִלְבַּשׁ
וְהַמְוֺנְכָא דִי־דַהֲבָא עַל־צַוְּארֵהּ וְתַלְתִּי בְמַלְכוּתָא יִשְׁלַט׃
8 אֱדַיִן עָלִּלִין כֹּל חַכִּימֵי מַלְכָּא וְלָא־כָהֲלִין כְּתָבָא לְמִקְרֵא
9 וּפִשְׁרֵא לְהוֹדָעָה לְמַלְכָּא׃ אֱדַיִן מַלְכָּא בֵלְשַׁאצַּר
שַׂגִּיא מִתְבָּהַל וְזִיוֺהִי שָׁנַיִן עֲלוֹהִי וְרַבְרְבָנוֹהִי מִשְׁתַּבְּשִׁין׃
י מַלְכְּתָא לָקֳבֵל מִלֵּי מַלְכָּא וְרַבְרְבָנוֹהִי לְבֵית מִשְׁתְּיָא
עַלַּלֶת עֲנָת מַלְכְּתָא וַאֲמֶרֶת מַלְכָּא לְעָלְמִין חֱיִי אַל־
11 יְבַהֲלוּךְ רַעְיוֹנָךְ וְזִיוָיךְ אַל־יִשְׁתַּנּוֹ׃ אִיתַי גְּבַר בְּמַלְכוּתָךְ

אוּנד אַ גְרֶעסֶערֶע גְדוּלָה איז צוּ מיר גֶעמֶעהרְט גֶעוָוארֶען וויא פְריהֶער׃ 34 אַצוּנְד טְהוּא איך נְבוּכַדְנֶצַר, לוֹיבֶּען אוּנְד דֶערְהֵייכֶען אוּנְד בֶּעשֵׁיינֶען דֶעם קֶענִיג פוּן דֶעם הִימֶעל, וָוארין אַלֶע זֵיינֶע מַעֲשִׂים זֶענֶען אֱמֶת, אוּנְד זֵיינֶע וֶועגֶען זֶענֶען רֶעכְטפַארְטיג, אוּנְד דיא וָואס גֶעהֶען אַרוּם מיט גַאוָה קֶען ער דֶערְנִידֶערִיגֶען׃

## קאפיטעל ה

1 בֵּלְשַׁאצַּר הַמֶּלֶךְ הָאט גֶעמַאכְט אַ גְרוֹיסֶע סְעוּדָה צוּ אַ טוֹיזֶענְד פוּן זֵיינֶע הַארֶען, אוּנְד ער הָאט גֶעטְרוּנְקֶען וויין פָאר דיא טוֹיזֶענְד׃ 2 אוּנְד וֶוען ער הָאט זיך אָנְגֶעשִׁיכּוֹרְת מיט דֶעם וויין הָאט ער בֶּעפוֹילֶען אַז מֶען זָאל אַרֵיינְבְּרֶענְגֶען דיא גָאלְדֶענֶע אוּנְד זילְבֶּערְנֶע כֵּלִים וָואס זֵיין פָאטֶער נְבוּכַדְנֶצַר הָאט אַרוֹיסְגֶענוּמֶען פוּן דֶעם בֵּית הַמִּקְדָּשׁ וָואס איז גֶעוֶועזֶען אין יְרוּשָׁלַיִם, כְּדֵי דֶער מֶלֶךְ אוּנְד זֵיינֶע פִירְשְׁטֶען, זֵיינֶע וַוייבֶּער אוּנְד זֵיינֶע קֶעבְּסְוַוייבֶּער זָאלֶען אוֹיךְ טְרִינְקֶען׃ 3 דֶענְסְמָאל הָאט מֶען אַרֵיינְגֶעבְּרֶענְגְט דיא גָאלְדֶענֶע כֵּלִים וָואס זֶענֶען אַרוֹיסְגֶעבְּרַאכְט גֶעוָוארֶען אוֹיס דֶעם בֵּית הַמִּקְדָּשׁ וָואס איז גֶעוֶועזֶען אין יְרוּשָׁלַיִם, אוּנְד דֶער מֶלֶךְ אוּנְד זֵיינֶע פִירְשְׁטֶען, זֵיינֶע וַוייבֶּער אוּנְד זֵיינֶע קֶעבְּסְוַוייבֶּער הָאבֶּען אוֹיס זֵייא גֶעטְרוּנְקֶען׃ 4 זֵייא הָאבֶּען גֶעטְרוּנְקֶען וויין אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעלוֹיבְּט זֵיירֶע אָפְּגֶעטֶער פוּן גָאלְד אוּנְד זילְבֶּער, קוּפֶּער, אֵייזֶען, הָאלְץ אוּנְד שְׁטֵיינֶער׃ 5 אין דֶערְזֶעלְבִּיגֶער צייט זֶענֶען אַרוֹיסְגֶעקוּמֶען פִינְגֶער פוּן אַ מֶענְשֶׁענְס הַאנְד, אוּנְד גֶעשְׁרִיבֶּען קֶעגֶענְאִיבֶּער דֶער מְנוֹרָה, אוֹיף דֶעם קַאלְךְ פוּן דֶער וַואנְד אין דֶעם מֶלֶךְ'ס פַּאלַאסְט, אוּנְד דֶער מֶלֶךְ הָאט גֶעזֶעהֶען דיא הַאנְד וָואס הָאט דָאס גֶעשְׁרִיבֶּען׃ 6 דֶענְסְמָאל הָאט זיך דיא גֶעשְׁטַאלְט פוּן דֶעם מֶלֶךְ פֶערְעֶנְדֶערְט, אוּנְד זֵיינֶע גֶעדַאנְקֶען הָאבֶּען אִיהְם דֶערְשְׁרָאקֶען, אַז אֲפִילוּ דיא פֶערְבִּינְדוּנְג פוּן זֵיינֶע לֶענְדֶען הָאבֶּען זיך פוּן אֵיינַאנְדֶער גֶעשֵׁייט, אוּנְד זֵיינֶע קְנִיעֶן הָאבֶּען אֵיינֶע קֶעגֶען דיא אַנְדֶערֶע גֶעקְלַאפְּט (גֶעצִיטֶערְט)׃ 7 אַזוֹי הָאט דֶער מֶלֶךְ אוֹיסְגֶערוּפֶען מיט כֹּחַ אַז מֶען זָאל אַרֵיינְבְּרֶענְגֶען דיא בֶּעשְׁוֶוערֶערְס אוּנְד דיא כַּשְׂדִּים אוּנְד דיא צֵייכֶענְדֵייטֶערְס, אוּנְד דֶער מֶלֶךְ הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד גֶעזָאגְט צוּ דיא קְלוּגֶע לֵייט פוּן בָּבֶל, אַז דֶער מֶענְשׁ וָואס וֶועט לֵייעֶנֶען דיא דָאזִיגֶע שְׁרִיפְט אוּנְד וֶועט מיר לָאזֶען וויסֶען זֵיינֶע בֶּעדֵייטוּנְג, דֶער וֶועט בֶּעקְלֵייד וֶוערֶען מיט פּוּרְפּוּר, אוּנְד מיט אַ גָאלְדֶענֶע קֶעט אוֹיף זֵיין הַאלְז, אוּנְד ער וֶועט גֶעוֶועלְטִיגֶען אַלְס דְרִיטֶער אין דֶעם קֶענִיגְרֵייךְ׃ 8 דֶענְסְמָאל זֶענֶען אַרֵיינְגֶעקוּמֶען אַלֶע חֲכָמִים פוּן דֶעם מֶלֶךְ, אָבֶּער זֵייא הָאבֶּען נִיט גֶעקָאנְט לֵייעֶנֶען דָאס כְּתָב, אוּנְד דיא בֶּעדֵייטוּנְג דֶערְפוּן הָאבֶּען זֵייא אוֹיךְ נִיט גֶעקָאנְט צוּ דֶעם מֶלֶךְ צוּ וויסֶען טְהוּן׃ 9 דֶענְסְמָאל איז דֶער מֶלֶךְ בֵּלְשַׁאצַּר זֶעהְר דֶערְשְׁרָאקֶען גֶעוָוארֶען, אוּנְד זֵיינֶע גֶעשְׁטַאלְט הָאט זיך פֶערְעֶנְדֶערְט, אוּנְד זֵיינֶע פִירְשְׁטֶען זֶענֶען פֶערְטוּמֶעלְט גֶעוָוארֶען׃ 10 אַזוֹי איז דיא מַלְכָּה, פוּן וֶועגֶען דיא וֶוערְטֶער פוּן דֶעם מֶלֶךְ אוּנְד זֵיינֶע פִירְשְׁטֶען, אוֹיךְ אַרֵיינְגֶעקוּמֶען צוּ דֶעם הוֹיז פוּן דֶער סְעוּדָה, אוּנְד דיא מַלְכָּה הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד גֶעזָאגְט, אָ מֶלֶךְ, לֶעבּ אוֹיף עֶבִּיג! לָאזֶען דיךְ דֵיינֶע גֶעדַאנְקֶען נִיט דֶערְשְׁרֶעקֶען, אוּנְד לָאז דֵיינֶע גֶעשְׁטַאלְט נִיט פֶערְעֶנְדֶערְט וֶוערֶען׃ 11 עֶס איז פֶערְהַאנְדֶען אַ מַאן אין דֶעם קֶענִיגְרֵייךְ,

אין

אִין װָעמֶען אִיז דֶער רוּחַ פוּן דִיא הֵיילִיגֶע
גֶעטֶער, אוּנְד אִין דִיא טֶעג פוּן דֵיין פָּאַ־
טֶער אִיז אִין אִיהְם גֶעפוּנֶען גֶעװָארֶען
לִיכְט אוּנְד פֶערְשְׁטַאנְד אוּנְד קְלוּגְהֵייט,
אַזוֹי װִיא דִיא קְלוּגְהֵייט פוּן דִיא גֶעטֶער,
אוּנְד דֶער מֶלֶךְ נְבוּכַדְנֶצַּר, דֵיין פָּאטֶער,
הָאט אִיהְם גֶעמַאכְט פַאר דֶעם אוֹיבֶּערְ־
שְׁטֶען פוּן דִיא חַרְטוּמִים, שְׁטֶערְנְזֶעהֶערְס
אוּנְד חֲכָמִים: 12 דָארִיבֶּער, װֵייל עֶס אִיז
אַ גְרוֹיסֶער רוּחַ, אוּנְד װִיסֶענְשַׁאפְט אוּנְד
קְלוּגְהֵייט חֲלוֹמוֹת אוֹיס צוּ דֵייטֶען, אוּנְד
רֶעטְזֶעל אָנְצוּזָאגֶען, אוּנְד אוֹיפְצוּבִּינְדֶען
פֶערְקְנִיפְּטֶעס אִיז אִין אִיהְם גֶעפוּנֶען גֶע־
װָארֶען, דְהַיינוּ, אִין דֶעם דָנִיאֵל, װָאס דֶער
מֶלֶךְ הָאט אִיהְם אַ נָאמֶען גֶעגֶעבֶּען בֵּלְטְ־
שַׁאצַר, אַזוֹי זָאלְסְט דוּא אַצוּנְד רוּפֶען
דָנִיאֵל, כְּדֵי עֶר זָאל דִיא בֶּעדֵייטוּנְג
דֶערְקְלֶערֶען: 13 דֶענְסְמָאל אִיז דָנִיאֵל
אַרֵיינְגֶעבְּרַאכְט גֶעװָארֶען פָאר דֶעם מֶלֶךְ,
אוּנְד דֶער מֶלֶךְ הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד
גֶעזָאגְט צוּ דָנִיאֵל; בִּיזְט דוּא דֶער דָנִיאֵל,
פוּן דִיא בְּנֵי גָלוּת יְהוּדָה, װָעמֶען דֶער מֶלֶךְ, מֵיין פָאטֶער הָאט אַהֶער גֶעבְּרַאכְט אוֹיס
יְהוּדָה? 14 אִיךְ הָאבּ פוּן דִיר גֶעהֶערְט אַז דֶער רוּחַ פוּן דִיא גֶעטֶער אִיז אִין דִיר, אוּנְד
אַז לִיכְט, אוּנְד שֵׂכֶל, אוּנְד גְרוֹיסֶע חָכְמָה גֶעפִינְט זִיךְ אִין דִיר: 15 אוּנְד אַצוּנְד זֶענֶען
פָאר מִיר אַרֵיינְגֶעבְּרַאכְט גֶעװָארֶען דִיא קְלוּגֶע לֵייט אוּנְד דִיא שְׁטֶערְן־זֶעהֶערְס, כְּדֵי
זֵייא זָאלֶען דִיא דָאזִיגֶע שְׁרִיפְט לֵיינֶען אוּנְד מִיר צוּ װִיסֶען טְהוּן דִיא בֶּעדֵייטוּנְג דֶער־
פוּן, אָבֶּער זֵייא הָאבֶּען נִיט גֶעקֶענְט דִיא בֶּעדֵייטוּנְג פוּן דֶער זַאךְ אָנְזָאגֶען: 16 אוּנְד אִיךְ
הָאבּ פוּן דִיר גֶעהֶערְט אַז דוּא קֶענְסְט יוֹא דִיא בֶּעדֵייטוּנְג דֶערְקְלֶערֶען, אוּנְד פֶערְבִּינְדֶענֶע
זַאכֶען אוֹיפְבִּינְדֶען; אַצוּנְד װֶען דוּא קֶענְסְט דִיא שְׁרִיפְט לֵיינֶען אוּנְד מִיר צוּ װִיסֶען טְהוּן
דִיא בֶּעדֵייטוּנְג דֶערְפוּן אַזוֹי זָאלְסְט דוּא אָנְגֶעקְלֵייד װֶערֶען מִיט פּוּרְפּוּר, אוּנְד מִיט אַ
גָאלְדֶענֶע קֶעט אוֹיף דֵיין הַאלְז, אוּנְד דוּא װֶעסְט זֵיין דֶער דְרִיטֶער גֶעװֶעלְטִיגֶער אִין דֶעם
קֶענִיגְרֵייךְ: 17 דֶענְסְמָאל הָאט דָנִיאֵל גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט פָאר דֶעם מֶלֶךְ,
לָאזֶען דֵיינֶע מַתָּנוֹת זֵיין פַאר דִיר אַלֵיין, אוּנְד דֵיינֶע גֶעשֶׁענְק גִיבּ צוּ אֵיין אַנְדֶערְן, דָאךְ
װֶעל אִיךְ דִיא שְׁרִיפְט לֵיינֶען פָאר דֶעם מֶלֶךְ, אוּנְד דִיא בֶּעדֵייטוּנְג דֶערְפוּן װֶעל אִיךְ צוּ
אִיהְם מוֹדִיעַ זֵיין: 18 אָ דוּא מֶלֶךְ! דֶער הֶעכְסְטֶער גָאט הָאט גֶעגֶעבֶּען צוּ דֵיין פָאטֶער
נְבוּכַדְנֶצַּר אַ קֶענִיגְרֵייךְ, אוּנְד גְרוֹיסְקֵייט אוּנְד כָּבוֹד אוּנְד שֶׁענְהֵייט: 19 אוּנְד פוּן װֶעגֶען
דֶער גְרוֹיסְקֵייט װָאס עֶר הָאט צוּ אִיהְם גֶעגֶעבֶּען, הָאבֶּען אַלֶע פֶעלְקֶער אוּנְד אוּמּוֹת אוּנְד
לְשׁוֹנוֹת פָאר אִיהְם גֶעצִיטֶערְט אוּנְד מוֹרָא גֶעהַאט, װָארִין װָעמֶען עֶר הָאט גֶעװָאלְט הָאט
עֶר דֶערְשְׁלָאגֶען, אוּנְד װָעמֶען עֶר הָאט גֶעװָאלְט הָאט עֶר גֶעלָאזְט לֶעבֶּען, אוּנְד װָעמֶען עֶר
הָאט גֶעװָאלְט הָאט עֶר דֶערְהוֹיבֶּען, אוּנְד װָעמֶען עֶר הָאט גֶעװָאלְט הָאט עֶר דֶערְנִידֶערִיגְט:
20 אָבֶּער װֶען זֵיין הַארְץ הָאט זִיךְ דֶערְהוֹיבֶּען, אוּנְד זֵיין רוּחַ הָאט זִיךְ גֶעשְׁטַארְקְט צוּ
מוּטְװִילִיגֶען, אַזוֹי אִיז עֶר אַרוּפְּגֶעשְׁטוֹיסֶען גֶעװָארֶען פוּן זֵיין קֶענִיגְלִיכֶען שְׁטוּל, אוּנְד זֵיין
כָּבוֹד אִיז פוּן אִיהְם אַװֶעקְגֶענוּמֶען גֶעװָארֶען: 21 אוּנְד עֶר אִיז פֶערְטְרִיבֶּען גֶעװָארֶען פוּן דִיא
מֶענְשֶׁען, אוּנְד זֵיין הַארְץ אִיז גֶעװָארֶען אַזוֹי װִיא דָאס הַארְץ פוּן חַיּוֹת, אוּנְד זֵיינֶע װְאוֹינוּנְג אִיז
גֶעװֶעזֶען מִיט װִילְדֶע עֶזֶעל, אוּנְד עֶר אִיז גֶעשְׁפֵּייזְט גֶעװָארֶען מִיט גְרָאז אַזוֹי װִיא דִיא אָקְסֶען

דִּי רוּחַ אֱלָהִין קַדִּישִׁין בֵּהּ וּבְיוֹמֵי אֲבוּךְ נַהִירוּ וְשָׂכְלְתָנוּ
וְחָכְמָה כְּחָכְמַת־אֱלָהִין הִשְׁתְּכַחַת בֵּהּ וּמַלְכָּא נְבֻכַדְנֶצַּר
אֲבוּךְ רַב חַרְטֻמִּין אָשְׁפִין כַּשְׂדָּאִין גָּזְרִין הֲקִימֵהּ אֲבוּךְ
12 מַלְכָּא׃ כָּל־קֳבֵל דִּי רוּחַ ׀ יַתִּירָא וּמַנְדַּע וְשָׂכְלְתָנוּ
מְפַשַּׁר חֶלְמִין וְאַחֲוָיַת אֲחִידָן וּמְשָׁרֵא קִטְרִין הִשְׁתְּכַחַת
בֵּהּ בְּדָנִיֵּאל דִּי־מַלְכָּא שָׂם־שְׁמֵהּ בֵּלְטְשַׁאצַּר כְּעַן דָּנִיֵּאל
13 יִתְקְרֵי וּפִשְׁרָה יְהַחֲוֵה׃ בֵּאדַיִן דָּנִיֵּאל הֻעַל קֳדָם
מַלְכָּא עָנֵה מַלְכָּא וְאָמַר לְדָנִיֵּאל אַנְתְּה־הוּא דָנִיֵּאל דִּי־
מִן־בְּנֵי גָלוּתָא דִּי יְהוּד דִּי הַיְתִי מַלְכָּא אַבִי מִן־יְהוּד׃
14 וְשִׁמְעֵת עֲלָיךְ דִּי רוּחַ אֱלָהִין בָּךְ וְנַהִירוּ וְשָׂכְלְתָנוּ וְחָכְמָה
טו יַתִּירָה הִשְׁתְּכַחַת בָּךְ׃ וּכְעַן הֻעַלּוּ קֳדָמַי חַכִּימַיָּא אָשְׁפַיָּא
דִּי־כְתָבָה דְנָה יִקְרוֹן וּפִשְׁרֵהּ לְהוֹדָעֻתַנִי וְלָא־כָהֲלִין
16 פְּשַׁר־מִלְּתָא לְהַחֲוָיָה׃ וַאֲנָה שִׁמְעֵת עֲלָיךְ דִּי־תִוכַּל
פִּשְׁרִין לְמִפְשַׁר וְקִטְרִין לְמִשְׁרֵא כְּעַן הֵן תִּוכַל כְּתָבָא
לְמִקְרֵא וּפִשְׁרֵהּ לְהוֹדָעוּתַנִי אַרְגְּוָנָא תִלְבַּשׁ וְהַמְוֹנְכָא דִי־
דַהֲבָא עַל־צַוְּארָךְ וְתַלְתָּא בְמַלְכוּתָא תִּשְׁלַט׃
17 בֵּאדַיִן עָנֵה דָנִיֵּאל וְאָמַר קֳדָם מַלְכָּא מַתְּנָתָךְ לָךְ לֶהֶוְיָן
וּנְבָזְבְּיָתָךְ לְאָחֳרָן הַב בְּרַם כְּתָבָא אֶקְרֵא לְמַלְכָּא וּפִשְׁרָא
18 אֲהוֹדְעִנֵּהּ׃ אַנְתְּה מַלְכָּא אֱלָהָא עִלָּיָא מַלְכוּתָא וּרְבוּתָא
19 וִיקָרָא וְהַדְרָא יְהַב לִנְבֻכַדְנֶצַּר אֲבוּךְ׃ וּמִן־רְבוּתָא דִּי
יְהַב־לֵהּ כֹּל עַמְמַיָּא אֻמַּיָּא וְלִשָּׁנַיָּא הֲווֹ זָאעִין וְדָחֲלִין מִן־
קֳדָמוֹהִי דִּי־הֲוָא צָבֵא הֲוָה קָטֵל וְדִי־הֲוָה צָבֵא הֲוָה מַחֵא
וְדִי־הֲוָה צָבֵא הֲוָה מָרִים וְדִי־הֲוָא צָבֵא הֲוָא מַשְׁפִּל׃
כ וּכְדִי רִם לִבְבֵהּ וְרוּחֵהּ תְּקִפַת לַהֲזָדָה הָנְחַת מִן־כָּרְסֵא
21 מַלְכוּתֵהּ וִיקָרָה הֶעְדִּיו מִנֵּהּ׃ וּמִן־בְּנֵי אֲנָשָׁא טְרִיד
וְלִבְבֵהּ ׀ עִם־חֵיוְתָא שַׁוִּי וְעִם־עֲרָדַיָּא מְדוֹרֵהּ עִשְׂבָּא כְתוֹרִין

יְטַעֲמוּנֵּהּ וּמִטַּל שְׁמַיָּא גִּשְׁמֵהּ יִצְטַבַּע עַד דִּי־יְדַע דִּי־
שַׁלִּיט אֱלָהָא עִלָּיאָ בְּמַלְכוּת אֲנָשָׁא וּלְמַן־דִּי יִצְבֵּא יְהָקֵים
22 עֲלַהּ׃ וְאַנְתְּה בְּרֵהּ בֵּלְשַׁאצַּר לָא הַשְׁפֵּלְתְּ לִבְבָךְ כָּל־
23 קֳבֵל דִּי כָל־דְּנָה יְדַעְתָּ׃ וְעַל־מָרֵא שְׁמַיָּא ׀ הִתְרוֹמַמְתָּ
וּלְמָאנַיָּא דִּי־בַיְתֵהּ הַיְתִיו קָדָמָךְ וְאַנְתְּה וְרַבְרְבָנָךְ
שֵׁגְלָתָךְ וּלְחֵנָתָךְ חַמְרָא שָׁתַיִן בְּהוֹן וְלֵאלָהֵי כַסְפָּא וְדַהֲבָא
נְחָשָׁא פַרְזְלָא אָעָא וְאַבְנָא דִּי לָא־חָזַיִן וְלָא־שָׁמְעִין וְלָא
יָדְעִין שַׁבַּחְתָּ וְלֵאלָהָא דִּי־נִשְׁמְתָךְ בִּידֵהּ וְכָל־אֹרְחָתָךְ
24 לֵהּ לָא הַדַּרְתָּ׃ בֵּאדַיִן מִן־קֳדָמוֹהִי שְׁלִיחַ פַּסָּא דִי־יְדָא
כה וּכְתָבָא דְנָה רְשִׁים׃ וּדְנָה כְתָבָא דִּי רְשִׁים מְנֵא מְנֵא
26 תְּקֵל וּפַרְסִין׃ דְּנָה פְּשַׁר מִלְּתָא מְנֵא מְנָה־אֱלָהָא
27 מַלְכוּתָךְ וְהַשְׁלְמַהּ׃ תְּקֵל תְּקִילְתָּה בְמֹאזַנְיָא וְהִשְׁתְּכַחַתְּ
28 חַסִּיר׃ פְּרֵס פְּרִיסַת מַלְכוּתָךְ וִיהִיבַת לְמָדַי וּפָרָס׃
29 בֵּאדַיִן ׀ אֲמַר בֵּלְשַׁאצַּר וְהַלְבִּשׁוּ לְדָנִיֵּאל אַרְגְּוָנָא
וְהַמְנוּכָא דִי־דַהֲבָא עַל־צַוְּארֵהּ וְהַכְרִזוּ עֲלוֹהִי דִּי־לֶהֱוֵא
ל שַׁלִּיט תַּלְתָּא בְּמַלְכוּתָא׃ בֵּהּ בְּלֵילְיָא קְטִיל בֵּלְאשַׁצַּר
מַלְכָּא כַשְׂדָּיָא׃

ו

ו

א וְדָרְיָוֶשׁ מָדָיָא קַבֵּל מַלְכוּתָא כְּבַר שְׁנִין שִׁתִּין וְתַרְתֵּין׃
2 שְׁפַר קֳדָם דָּרְיָוֶשׁ וַהֲקִים עַל־מַלְכוּתָא לַאֲחַשְׁדַּרְפְּנַיָּא
3 מְאָה וְעֶשְׂרִין דִּי לֶהֱוֹן בְּכָל־מַלְכוּתָא׃ וְעֵלָּא מִנְּהוֹן
סָרְכִין תְּלָתָה דִּי דָנִיֵּאל חַד מִנְּהוֹן דִּי־לֶהֱוֹן אֲחַשְׁדַּרְפְּנַיָּא
4 אִלֵּין יָהֲבִין לְהוֹן טַעְמָא וּמַלְכָּא לָא־לֶהֱוֵא נָזִק׃ אֱדַיִן
דָּנִיֵּאל דְּנָה הֲוָא מִתְנַצַּח עַל־סָרְכַיָּא וַאֲחַשְׁדַּרְפְּנַיָּא כָּל־
קֳבֵל דִּי־רוּחַ יַתִּירָא בֵּהּ וּמַלְכָּא עֲשִׁית לַהֲקָמוּתֵהּ עַל־
ה כָּל־מַלְכוּתָא׃ אֱדַיִן סָרְכַיָּא וַאֲחַשְׁדַּרְפְּנַיָּא הֲווֹ בָעַיִן עִלָּה

און זיין גוף איז בענעצט געווארען מיט דעם טויא פום הימעל, ביז ער האט דערקענט אז דער העכסטער גאט געוועלטיגט אין דעם קעניגרייך פון די מענשען, און ער שטעלט איבער זייא אויף וועמען ער וויל: 22 און דוא, אָ בלשאצר, זיין זוהן, האסט ניט דיין הארץ דערנידעריגט, האטשע דוא האסט דאס אלעס געוואוסט: 23 נייערט דוא האסט דיך דערהויבען קעגען דעם גאט פון הימעל, און מען האט פאר דיר ארויס־געבראכט די כלים פון זיין הויז, און דוא און דיינע פירשטען, דיינע ווייבער און דיינע קעבסווייבער האבען אויס זייא וויין געטרונקען; און צו די געטער פון זילבער און גאלד, קופער, אייזען, האלץ און שטיין, וואס קענען ניט זעהען, און ניט הערען, און וואס פערשטעהען ניט האסט דוא געלויבט, אבער דעם גאט אין וועמעס האנד דיינע נשמה איז, און וועמעס אלע דיינע וועגען זענען, דעם האסט דוא ניט פערהערליכט: 24 דענסמאל איז די האנד פון איהם ארויסגעשיקט געווארען, און האט די דאזיגע שריפט אויפגעצייכענט: 25 און דאס איז די שריפט וואס (די האנד) האט געשריבען, מנא מנא תקל ,ופרסין: 26 דאס איז די בעדייטונג פון דער זאך,—מנא, גאט האט געצעהלט דיין קעניגרייך און ער האט דערפון איין ענד געמאכט: 27 תקל, דוא ביזט געוואויגען אין דער וואגשאל, און דוא ביזט צו ווינציג געפונען געווארען: 28 פרס, דיין קעניגרייך איז צוטיילט געווארען, און אפגעגעבען געווארען צו מדי און פרס: 29 דענסמאל האט בלשאצר בע־פוילען אז מען זאל דעם דניאל אנקליידען מיט פורפור, און טהון א גאלדענע קעט אויף זיין האלז, און מען האט וועגען איהם אויסגערופען אז ער זאל זיין דער דריטער געוועלטיגער אין דעם קעניגרייך: 30 אין דער זעלביגער נאכט איז בלשאצר דער מלך פון די כשדים דערשלאגען געווארען:

## קאפיטעל ו

1 און דריוש המדי האט גענומען דאס קעניגרייך, ווען ער איז אלט געוועזען צוויא און זעכציג יאהר: 2 עס האט פאר דריוש וואוילגעפאלען אנצושטעלען איבער דעם קעניגרייך הונדערט און צוואנציג פארשטעהערס, וואס זאלען זיין איבער דעם גאנצען קעניגרייך: 3 און איבער זייא האט ער אנגעשטעלט דרייא הארען, פון וועלכע דניאל איז איינער געוועזען, כדי די דאזיגע פאר־שטעהערס זאלען צו זייא אפגעבען א חשבון אז דער קעניג זאל ניט האבען קיין שאדען: 4 דענסמאל איז דער דאזיגער דניאל פארגעצויגען געוועזען איבער די אנדערע הארען און די פארשטעהערס, ווייל איין עדעלער גייסט איז אין איהם געוועזען, און דער מלך האט געטראכט איהם אנצושטעלען איבער דעם גאנצען קעניגרייך; 5 דענסמאל האבען די הארען און די פארשטעהערס געזוכט א בלבול

קעגען

6 להשכחה לדניאל מצד מלכותא וכל־עלה ושחיתה
לא־יכלין להשכחה כל־קבל די־מהימן הוא וכל־שלו
6 ושחיתה לא השתכחת עלוהי: אדין גבריא אלך אמרין
די לא נהשכח לדניאל דנה כל־עלא להן השכחנא
7 עלוהי בדת אלהה: אדין סרכיא ואחשדרפניא אלן
הרגשו על־מלכא וכן אמרין לה דריוש מלכא לעלמין
חיי: אתיעטו כל | סרכי מלכותא סגניא ואחשדרפניא
הדבריא ופחותא לקימה קים מלכא ולתקפה אסר די
כל־די־יבעא בעו מן־כל־אלה ואנש עד־יומין תלתין להן
9 מנך מלכא יתרמא לגב אריותא: כען מלכא תקים
אסרא ותרשם כתבא די לא להשניה כדת־מדי ופרס
י די־לא תעדא: כל־קבל דנה מלכא דריוש רשם כתבא
11 ואסרא: ודניאל כדי ידע די־רשים כתבא על לביתה
וכוין פתיחן לה בעליתה נגד ירושלם וזמנין תלתה
ביומא הוא | ברך על־ברכוהי ומצלא ומודא קדם
12 אלהה כל־קבל די־הוא עבד מן־קדמת דנה: אדין
גבריא אלך הרגשו והשכחו לדניאל בעא ומתחנן קדם
13 אלהה: באדין קרבו ואמרין קדם־מלכא על־אסר
מלכא הלא אסר רשמת די כל־אנש די־יבעא מן־כל־
אלה ואנש עד־יומין תלתין להן מנך מלכא יתרמא לגוב
אריותא ענה מלכא ואמר יציבא מלתא כדת־מדי ופרס
14 די־לא תעדא: באדין ענו ואמרין קדם מלכא די דניאל
די מן־בני גלותא די יהוד לא־שם עליך מלכא טעם
ועל־אסרא די רשמת וזמנין תלתה ביומא בעא בעותה:
טו אדין מלכא כדי מלתא שמע שגיא באש עלוהי ועל
דניאל שם בל לשיזבותה ועד מעלי שמשא הוה משתדר
16 להצלותה: באדין גבריא אלך הרגשו על־מלכא ואמרין

קענען דניאל אין דער זאך פון דעם מלכות, אבער זייא האבען גאר קיין בלבול אונד קיין שום מום געקענט געפינען, וואָרין ער איז גאנץ געטרייא געוועזען, עס איז אין איהם גאר קיין שום מום געפונען געוואָרען: 6 דענסמאל האבען דיא דאזיגע מענער געזאגט, מיר קענען ניט געפינען קעגען דעם דניאל קיין שום בלבול חוץ מיר געפינען עס קעגען איהם וועגען דיא תורה פון זיין גאט: 7 דענסמאל האבען זיך דיא דאזיגע הארען פערזאמעלט פאר דעם מלך, אונד אזוי האבען זייא צו איהם געזאגט, דריוש המלך, לעב אויף עביג: 8 אלע פירשטען פון דעם קעניגרייך, דיא גובערנאטארס, דיא הארען אונד דיא עצה געבערס פון דעם מלך, אונד דיא אויבערשטע האבען זיך צוזאמען בעראטען כדי דער מלך זאל בעשטעטיגען א געזעץ, אונד שטארק מאכען א בעפעהל (בונד), דאס איטליכער וואס וועט בעטען א געבעט פון א גאט אדער א מענש ביז דרייסיג טעג, חוץ פון דיר א מלך, דער זאל אריינגעוואָרפען ווערען אין דיא גרוב פון דיא לייבען: 9 אונד אצונד, א מלך, זאלסט דוא בעשטעטיגען דעם בונד אונד אונטערשרייב דאס כתב, כדי עס זאל ניט פערענדערט ווערען נאך דעם געזעץ פון מדי אונד פרס וואס קען ניט אפגעטהון ווערען: 10 איבער דעם האט דער מלך דריוש אונטערגעשריבען דאס כתב אונד דאס פערבאט: 11 אונד אצונד ווען דניאל האט געוואוסט דאס א זאלכעס שריפט (געזעץ) איז אונטערגעשריבען געוואָרען, אזוי איז ער אריינגעגאנגען אין זיין הויז, אונד דיא פענסטער אין זיינער אויבערשטוב איז אָפען געוועזען קעגען ירושלים אונד ער האט זיך אנידערגעקניעט דרייא מאל אין טאג אויף זיינע קניען אונד ער האט געבעטען אונד געלויבט פאר זיין גאט, גראד אזוי וויא ער האט אלע מאל געפלעגט צו טהון: 12 אזוי האבען זיך דיא דאזיגע מענער פערזאמעלט אונד זייא האבען געפונען אז דניאל טהוט בעטען אונד טהוט תפלה פאר זיין גאט: 13 דענסמאל האבען זייא זיך גענעהנט אונד זייא האבען געזאגט פאר דעם מלך וועגען דעם פערבאט פון דעם מלך; האסט דוא ניט א פערבאט אונטערגעשריבען אז איטליכער מענש וואס וועט בעטען פון א גאט אדער א מענש חוץ פון דיר אליין א מלך ביז דרייסיג טעג דער זאל אריינגעוואָרפען ווערען אין דיא גרוב פון דיא לייבען; אונד דער מלך האט געענטפערט אונד געזאגט, דיא זאך איז אמת, עס איז אזוי וויא דאס געזעץ פון מדי אונד פרס וואס קען ניט אפגעטהון ווערען: 14 דענסמאל האבען זייא געענטפערט אונד געזאגט פאר דעם מלך, אז דניאל, וואס איז פון דיא פערטריבענע קינדער פון יהודה, טהוט דיך ניט אכטען, א קעניג, אונד אויך ניט אויף דיין פערבאט וואס דוא האסט אונטערגעשריבען, נייערט ער טהוט דרייא מאל אין טאג בעטען זיין געבעט: 15 דענסמאל, ווען דער מלך האט דיא זאך דערהערט, אזוי איז איהם זעהר שלעכט געוואָרען, אונד ער האט וועגען דניאל געטהון זיין הארץ כדי איהם מציל צו זיין, אונד ביז צו דעם אונטערגעהן פון דער זון האט ער זיך בעמיהט איהם מציל צו זיין: 16 דענסמאל האבען זיך דיא דאזיגע מענער פערזאמעלט פאר דעם מלך, אונד זייא האבען געזאגט

לְמַלְכָּא דַּע מַלְכָּא דִּי־דָת לְמָדַי וּפָרַס דִּי־כָל־אֱסָר וּקְיָם
17 דִּי־מַלְכָּא יְהָקֵים לָא לְהַשְׁנָיָה׃ בֵּאדַיִן מַלְכָּא אֲמַר
וְהַיְתִיו לְדָנִיֵּאל וּרְמוֹ לְגֻבָּא דִּי אַרְיָוָתָא עָנֵה מַלְכָּא
וְאָמַר לְדָנִיֵּאל אֱלָהָךְ דִּי אַנְתְּה פָּלַח־לֵהּ בִּתְדִירָא הוּא
18 יְשֵׁיזְבִנָּךְ׃ וְהֵיתָיִת אֶבֶן חֲדָה וְשֻׂמַת עַל־פֻּם גֻּבָּא וְחַתְמַהּ
מַלְכָּא בְּעִזְקְתֵהּ וּבְעִזְקָת רַבְרְבָנוֹהִי דִּי לָא־תִשְׁנֵא צְבוּ
19 בְּדָנִיֵּאל׃ אֱדַיִן אֲזַל מַלְכָּא לְהֵיכְלֵהּ וּבָת טְוָת וְדַחֲוָן לָא־
כ הַנְעֵל קָדָמוֹהִי וְשִׁנְתֵּהּ נַדַּת עֲלוֹהִי׃ בֵּאדַיִן מַלְכָּא
בִּשְׁפַּרְפָּרָא יְקוּם בְּנָגְהָא וּבְהִתְבְּהָלָה לְגֻבָּא דִּי־אַרְיָוָתָא
21 אֲזַל׃ וּכְמִקְרְבֵהּ לְגֻבָּא לְדָנִיֵּאל בְּקָל עֲצִיב זְעִק עָנֵה
מַלְכָּא וְאָמַר לְדָנִיֵּאל דָּנִיֵּאל עֲבֵד אֱלָהָא חַיָּא אֱלָהָךְ דִּי
אַנְתְּה פָּלַח־לֵהּ בִּתְדִירָא הַיְכִל לְשֵׁיזָבוּתָךְ מִן־אַרְיָוָתָא׃
22 23 אֱדַיִן דָּנִיֵּאל עִם־מַלְכָּא מַלִּל מַלְכָּא לְעָלְמִין חֱיִי׃ אֱלָהִי
שְׁלַח מַלְאֲכֵהּ וּסֲגַר פֻּם אַרְיָוָתָא וְלָא חַבְּלוּנִי כָּל־קֳבֵל
דִּי קָדָמוֹהִי זָכוּ הִשְׁתְּכַחַת לִי וְאַף קֳדָמָךְ מַלְכָּא חֲבוּלָה
24 לָא עַבְדֵת׃ בֵּאדַיִן מַלְכָּא שַׂגִּיא טְאֵב עֲלוֹהִי וּלְדָנִיֵּאל
אֲמַר לְהַנְסָקָה מִן־גֻּבָּא וְהֻסַּק דָּנִיֵּאל מִן־גֻּבָּא וְכָל־חֲבָל
כה לָא־הִשְׁתְּכַח בֵּהּ דִּי הֵימִן בֵּאלָהֵהּ׃ וַאֲמַר מַלְכָּא וְהַיְתִיו
גֻּבְרַיָּא אִלֵּךְ דִּי־אֲכַלוּ קַרְצוֹהִי דִּי דָנִיֵּאל וּלְגֹב אַרְיָוָתָא
רְמוֹ אִנּוּן בְּנֵיהוֹן וּנְשֵׁיהוֹן וְלָא־מְטוֹ לְאַרְעִית גֻּבָּא עַד דִּי־
26 שְׁלִטוּ בְהוֹן אַרְיָוָתָא וְכָל־גַּרְמֵיהוֹן הַדִּקוּ׃ בֵּאדַיִן דָּרְיָוֶשׁ
מַלְכָּא כְּתַב לְכָל־עַמְמַיָּא אֻמַיָּא וְלִשָּׁנַיָּא דִּי־דָאְרִין בְּכָל־
27 אַרְעָא שְׁלָמְכוֹן יִשְׂגֵּא׃ מִן־קֳדָמַי שִׂים טְעֵם דִּי ׀ בְּכָל־
שָׁלְטַן מַלְכוּתִי לֶהֱוֺן זָאְעִין וְדָחֲלִין מִן־קֳדָם אֱלָהֵהּ דִּי־
דָנִיֵּאל דִּי־הוּא ׀ אֱלָהָא חַיָּא וְקַיָּם לְעָלְמִין וּמַלְכוּתֵהּ
28 דִּי־לָא תִתְחַבַּל וְשָׁלְטָנֵהּ עַד־סוֹפָא׃ מְשֵׁיזִב וּמַצִּל וְעָבֵד

צו דעם מלך, דו זאלסט וויסען, א מלך, אז דאס געזעץ פון מָדַי אונד פָּרַס איז, אז איטליכעס פערבאט אונד געזעץ וואס דער מלך האט בעשטעטיגט טאר ניט געענדערט ווערען: 17 דענסמאל האט דער מלך געבאטען, אונד זייא האבען געבראכט דניאל אונד זייא האבען איהם אריינגעווארפען אין דיא לייבען־גרוב; אבער דער מלך האט געזאגט צו דניאל, דיין גאט וועמען דו דינסט תָּמִיד דער זאל דיך מַצִיל זיין: 18 אונד מען האט געבראכט א שטיין אונד מען האט איהם געלעגט אויף דיא עפנונג פון דער גרוב, אונד דער מלך האט עס פער־חַתְמֶת מיט זיין זיגעל־רינג אונד מיט דעם זיגעל־רינג פון זיינע פירשטען, כְּדֵי דער ווילען זאל ניט פערענדערט ווערען וועגען דניאל: 19 דענסמאל איז דער מלך אריינגעגאנגען אין זיין פאלאסט, אונד ער האט איבער דיא נאכט געפאסט, אונד עס זענען אויך קיינע כְּלֵי זְמָרִים פאר איהם געבראכט געווארען, אונד זיין שלאף איז פון איהם אוועקגעגאנגען: 20 דענסמאל איז דער מלך זעהר פריה אויפגעשטאנען (איידער עס איז ליכטיג געוועזען) אונד ער איז מיט איילינעס צו דער לייבען־גרוב געגאנגען: 21 אונד ווען ער איז נאהענט געקומען צו דער גרוב, אזוי האט ער אויסגערופען מיט א טרויעריג קול צו דניאל, דער מלך האט געשריען אונד געזאגט צו דניאל, א דניאל! דו קנעכט פון דעם לעבעדיגען גאט, איז דיין גאט וועמען דו שטענדיג דינסט אים שטאנד דיך מציל צו זיין פון דיא לייבען? 22 דענסמאל האט דניאל גערעדט צו דעם מלך, א מלך, לעב אויף עביג! 23 מיין גאט האט געשיקט זיין מַלְאָךְ אונד האט פערשלאסען דאס מויל פון דיא לייבען דאס זייא האבען מיר גאר קיין שאדען ניט געטהון, ווייל איך בין פאר איהם אומשולדיג געפונען געווארען, אונד אויך פאר דיר, א מלך, האב איך אויך קיין שלעכטעס ניט געטהון: 24 דענסמאל איז דעם מלך זעהר גוט געוועזען, אונד ער האט בעפוילען אז מען זאל דניאל ארויפברענגען פון דער גרוב; אזוי האט מען דניאל ארויפגעבראכט פון דער גרוב, אונד עס איז אן איהם גאר קיין שאדען ניט געפונען געווארען, ווייל ער האט געגלויבט אן זיין גאט: 25 אונד דער מלך האט בעפוילען, אונד מען האט געבראכט דיא דאזיגע מענער וואס האבען דניאל אנגעקלאגט אונד מען האט זייא, אריינגעווארפען אין דיא גרוב צו דיא לייבען מיט זייערע קינדער אונד זייערע ווייבער, אונד איידער זייא האבען גע־גרייכט אונטען צו דער גרוב, אזוי האבען שוין דיא לייבען איבער זייא גע־וועלטיגט, אונד זייא האבען אלע זייערע ביינער אין שטיקלעך צובראכען: 26 דענסמאל האט דער מלך דָּרְיָוֶשׁ געשריבען צו אלע פעלקער פון דיא אוּמוֹת אונד לְשׁוֹנוֹת וואס וואוינען אין דער גאנצער וועלט, אייער שָׁלוֹם זאל פער־מעהרט ווערען: 27 פון מיר איז ארויסגעגעבען א גְזֵרָה, דאס אין דער גאנצער רעגירונג פון מיין קעניגרייך זאל מען ציטערן אונד מוֹרָא האבען פאר דעם גאט פון דניאל, וואריין ער (אליין) איז דער לעבעדיגער גאט, אונד האט א קִיוּם ביז אויף עביג, אונד וועט ניט פערדארבען ווערען, אונד זיינע געוועלטיגקייט איז ביז צו דעם סוֹף: 28 ער טהוט בעפרייען אונד מַצִיל זיין, אונד ער טהוט

אָתִין וְתִמְהִין בִּשְׁמַיָּא וּבְאַרְעָא דִּי שֵׁיזִיב לְדָנִיֵּאל מִן־יַד
29 אַרְיָוָתָא׃ וְדָנִיֵּאל דְּנָה הַצְלַח בְּמַלְכוּת דָּרְיָוֶשׁ וּבְמַלְכוּת
כּוֹרֶשׁ פָּרְסָיָא׃

ז ז

א בִּשְׁנַת חֲדָה לְבֵלְאשַׁצַּר מֶלֶךְ בָּבֶל דָּנִיֵּאל חֵלֶם חֲזָה וְחֶזְוֵי
רֵאשֵׁהּ עַל־מִשְׁכְּבֵהּ בֵּאדַיִן חֶלְמָא כְתַב רֵאשׁ מִלִּין אֲמַר׃
2 עָנֵה דָנִיֵּאל וְאָמַר חָזֵה הֲוֵית בְּחֶזְוִי עִם־לֵילְיָא וַאֲרוּ
3 אַרְבַּע רוּחֵי שְׁמַיָּא מְגִיחָן לְיַמָּא רַבָּא׃ וְאַרְבַּע חֵיוָן
4 רַבְרְבָן סָלְקָן מִן־יַמָּא שָׁנְיָן דָּא מִן־דָּא׃ קַדְמָיְתָא כְאַרְיֵה
וְגַפִּין דִּי־נְשַׁר לַהּ חָזֵה הֲוֵית עַד דִּי־מְּרִיטוּ גַפַּיהּ וּנְטִילַת
מִן־אַרְעָא וְעַל־רַגְלַיִן כֶּאֱנָשׁ הֳקִימַת וּלְבַב אֱנָשׁ יְהִיב לַהּ׃
ה וַאֲרוּ חֵיוָה אָחֳרִי תִנְיָנָה דָּמְיָה לְדֹב וְלִשְׂטַר־חַד הֳקִמַת
וּתְלָת עִלְעִין בְּפֻמַּהּ בֵּין שִׁנַּהּ וְכֵן אָמְרִין לַהּ קוּמִי אֲכֻלִי
6 בְּשַׂר שַׂגִּיא׃ בָּאתַר דְּנָה חָזֵה הֲוֵית וַאֲרוּ אָחֳרִי כִּנְמַר
וְלַהּ גַּפִּין אַרְבַּע דִּי־עוֹף עַל־גַּבַּיהּ וְאַרְבְּעָה רֵאשִׁין לְחֵיוְתָא
7 וְשָׁלְטָן יְהִיב לַהּ׃ בָּאתַר דְּנָה חָזֵה הֲוֵית בְּחֶזְוֵי לֵילְיָא
וַאֲרוּ חֵיוָה רְבִיעָאָה דְּחִילָה וְאֵמְתָנִי וְתַקִּיפָא יַתִּירָה וְשִׁנַּיִן
דִּי־פַרְזֶל לַהּ רַבְרְבָן אָכְלָה וּמַדְּקָה וּשְׁאָרָא בְּרַגְלַיהּ
רָפְסָה וְהִיא מְשַׁנְּיָה מִן־כָּל־חֵיוָתָא דִּי קָדָמַיהּ וְקַרְנַיִן
8 עֲשַׂר לַהּ׃ מִשְׂתַּכַּל הֲוֵית בְּקַרְנַיָּא וַאֲלוּ קֶרֶן אָחֳרִי זְעֵירָה
סִלְקָת בֵּינֵיהֵן וּתְלָת מִן־קַרְנַיָּא קַדְמָיָתָא אֶתְעֲקַרָה מִן־
קֳדָמַהּ וַאֲלוּ עַיְנִין כְּעַיְנֵי אֲנָשָׁא בְּקַרְנָא־דָא וּפֻם מְמַלִּל
ט רַבְרְבָן׃ חָזֵה הֲוֵית עַד דִּי כָרְסָוָן רְמִיו וְעַתִּיק יוֹמִין יְתִב
לְבוּשֵׁהּ ׀ כִּתְלַג חִוָּר וּשְׂעַר רֵאשֵׁהּ כַּעֲמַר נְקֵא כָּרְסְיֵהּ
י שְׁבִיבִין דִּי־נוּר גַּלְגִּלּוֹהִי נוּר דָּלִק׃ נְהַר דִּי־נוּר נָגֵד וְנָפֵק
מִן־קֳדָמוֹהִי אֶלֶף אַלְפִים יְשַׁמְּשׁוּנֵּהּ וְרִבּוֹ רִבְבָן קֳדָמוֹהִי

צייכען אוּנד וואוּנדער אין דעם הימעל
אוּנד אויף דער ערד, וואָרין ער האָט
דָנִיאֵל מַצִיל געוועזען פוּן דער מַאכט
פוּן דיא לייבען: 29 אוּנד דער דאָזיגער
דָנִיאֵל האָט בעגליקט אין דעם מַלְכוּת
פוּן דָרְיָוֶשׁ אוּנד אין דעם מַלְכוּת פוּן
כּוֹרֶשׁ הַפָּרָס:

## קאפיטעל ז

1 אין דעם ערשטען יאָהר פוּן בֵּלְשַׁאצַר
מֶלֶךְ פוּן בָּבֶל, האָט דָנִיאֵל געזעהען אַ
חָלוֹם, אוּנד אַ זעהוּנג פוּן זיין קאָפּ
אויף זיין געלעגער, אַזוֹי האָט ער דעם
חָלוֹם אויפגעשריבען אוּנד דיא הויפּט־
זאַך דערפוּן האָט ער דערצעהלט:
2 דָנִיאֵל האָט אָנגעהויבען אוּנד ער
האָט געזאָגט, איך האָב געזעהען אין
מיינע זעהוּנג ביי נאַכט, אוּנד זעה, פיער
ווינדען האָבען געשטוּרמט אויף דעם
גרויסען יַם: 3 אוּנד פיער גרויסע חַיוֹת
זענען אַרויפגעקוּמען פוּן דעם יַם, איינע
איז אַנדערש געוועזען וויא דיא אַנדע־
רע: 4 דיא ערשטע איז געוועזען וויא
אַ לייב אוּנד האָט געהאַט פליגעל אַזוֹי
וויא איין אָדלער, איך האָב געקוּקט ביז זיינע פליגעל זענען אויסגעפליקט געוואָרען,
אוּנד איז אויפגעהויבען געוואָרען פוּן דער ערד, אוּנד האָט זיך (ווידער) גע־
שטעלט אויף דיא פיס אַזוֹי וויא אַ מענש, אוּנד אַ מענשענ׳ס האַרץ איז צוּ
איהם געגעבען געוואָרען: 5 אוּנד זעה, איינע אַנדערע חַיָה, אַ צווייטע, גלייך
אַזוֹי וויא אַ בער, אוּנד עס האָט זיך אויפגעשטעלט אויף איינע זייט, אוּנד עס
האָט געהאַט דריי ריפּען אין דעם מוֹיל צווישען דיא צעהן, אוּנד מען האָט
דערצוּ אַזוֹי געזאָגט, שטעה אויף, אוּנד פרעסט פיל פלייש: 6 נאָכדעם האָב
איך געזעהען, אוּנד זעה, איין אַנדערעס אַזוֹי וויא אַ לעמפּערט, אוּנד עס האָט
געהאַט אויף דעם ריקען פיער פליגעל פוּן אַ פויגעל, אוּנד דיא חַיָה האָט אויך
געהאַט פיער קעפּ, אוּנד געוועלטיגקייט איז צוּ איהר געגעבען געוואָרען:
7 נאָכדעם האָב איך געזעהען אין דער זעהוּנג ביי נאַכט, אוּנד זעה, אַ
פיערטע חַיָה, פאַרכטבאַר אוּנד שרעקליך, אוּנד עס איז געוועזען זעהר
שטאַרק, אוּנד זיא האָט געהאַט אייזערנע צעהן, עס האָט געפרעסען אוּנד
צוּבראָכען, אוּנד דאָס איבּריגע האָט זיא צוּטרעטען מיט איהרע פיס, אוּנד
זיא איז געוועזען גאַנץ אַנדערש פוּן אַלע ערשטע חַיוֹת, אוּנד זיא האָט גע־
האַט צעהן הערנער: 8 ווען איך האָב בעטראַכט דיא הערנער, אַזוֹי זעה,
אַ קליין האָרן איז פוּן צווישען זייא אויפגעגאַנגען, אוּנד דריי פוּן דיא
ערשטע הערנער זענען פוּן פאָר איהם אויסגעריסען געוואָרען מיט דיא
וואָרצעל, אוּנד זעה, אין דעם דאָזיגען (קליינעם) האָרן זענען געוועזען אויגען
אַזוֹי וויא מענשענ׳ס אויגען, אוּנד (עס האָט געהאַט) אַ מוֹיל וואָס האָט גע־
רעט גרויסע זאַכען: 9 אוּנד איך האָב (נאָך ווייטער) געזעהען ביז דיא
טראָן־שטוּלען זענען אַרוּנטער געוואָרפען געוואָרען, אוּנד דער וואָס איז פוּן
אַלטע טעג אָן איז געזעסען, זיין קלייד איז געוועזען ווייס אַזוֹי וויא שניי,
אוּנד דיא האָר פוּן זיין קאָפּ אַזוֹי וויא ריינע וואָל, זיין טראָן־שטוּל איז געוועז־
זען אַזוֹי וויא פייער פלאַמען, אוּנד זיינע רעדער אַזוֹי וויא אַ ברענענדיגעם פייער:
10 אַ טייך פוּן פייער האָט זיך געצויגען אוּנד איז אַרויסגעקוּמען פוּן פאָר
איהם, טויזענד מאָל טויזענד האָבען איהם בעדינט, אוּנד צעהן טויזענד מאָל
צעהן טויזענד זענען פאָר איהם געשטאַנען, ער האָט זייא געזעצט צוּ דעם
משפט

כַּנּוֹ נִבְזֶה וְלֹא־נָתְנוּ עָלָיו הוֹד מַלְכוּת וּבָא בְשַׁלְוָה וְהֶחֱזִיק
22 מַלְכוּת בַּחֲלַקְלַקּוֹת׃ וּזְרֹעוֹת הַשֶּׁטֶף יִשָּׁטְפוּ מִלְּפָנָיו
23 וְיִשָּׁבֵרוּ וְגַם נְגִיד בְּרִית׃ וּמִן־הִתְחַבְּרוּת אֵלָיו יַעֲשֶׂה
24 מִרְמָה וְעָלָה וְעָצַם בִּמְעַט־גּוֹי׃ בְּשַׁלְוָה וּבְמִשְׁמַנֵּי מְדִינָה
יָבוֹא וְעָשָׂה אֲשֶׁר לֹא־עָשׂוּ אֲבֹתָיו וַאֲבוֹת אֲבֹתָיו בִּזָּה
וְשָׁלָל וּרְכוּשׁ לָהֶם יִבְזוֹר וְעַל מִבְצָרִים יְחַשֵּׁב מַחְשְׁבֹתָיו
כה וְעַד־עֵת׃ וְיָעֵר כֹּחוֹ וּלְבָבוֹ עַל־מֶלֶךְ הַנֶּגֶב בְּחַיִל גָּדוֹל
וּמֶלֶךְ הַנֶּגֶב יִתְגָּרֶה לַמִּלְחָמָה בְּחַיִל־גָּדוֹל וְעָצוּם עַד־מְאֹד
26 וְלֹא יַעֲמֹד כִּי־יַחְשְׁבוּ עָלָיו מַחֲשָׁבוֹת׃ וְאֹכְלֵי פַת־בָּגוֹ
27 יִשְׁבְּרוּהוּ וְחֵילוֹ יִשְׁטוֹף וְנָפְלוּ חֲלָלִים רַבִּים׃ וּשְׁנֵיהֶם
הַמְּלָכִים לְבָבָם לְמֵרָע וְעַל־שֻׁלְחָן אֶחָד כָּזָב יְדַבֵּרוּ וְלֹא
28 תִצְלָח כִּי־עוֹד קֵץ לַמּוֹעֵד׃ וְיָשֹׁב אַרְצוֹ בִּרְכוּשׁ גָּדוֹל
29 וּלְבָבוֹ עַל־בְּרִית קֹדֶשׁ וְעָשָׂה וְשָׁב לְאַרְצוֹ׃ לַמּוֹעֵד יָשׁוּב
ל וּבָא בַנֶּגֶב וְלֹא־תִהְיֶה כָרִאשֹׁנָה וְכָאַחֲרֹנָה׃ וּבָאוּ בוֹ
צִיִּים כִּתִּים וְנִכְאָה וְשָׁב וְזָעַם עַל־בְּרִית־קוֹדֶשׁ וְעָשָׂה
31 וְשָׁב וְיָבֵן עַל־עֹזְבֵי בְּרִית קֹדֶשׁ׃ וּזְרֹעִים מִמֶּנּוּ יַעֲמֹדוּ
וְחִלְּלוּ הַמִּקְדָּשׁ הַמָּעוֹז וְהֵסִירוּ הַתָּמִיד וְנָתְנוּ הַשִּׁקּוּץ
32 מְשׁוֹמֵם׃ וּמַרְשִׁיעֵי בְרִית יַחֲנִיף בַּחֲלַקּוֹת וְעַם יֹדְעֵי אֱלֹהָיו
33 יַחֲזִקוּ וְעָשׂוּ׃ וּמַשְׂכִּילֵי עָם יָבִינוּ לָרַבִּים וְנִכְשְׁלוּ בְּחֶרֶב
34 וּבְלֶהָבָה בִּשְׁבִי וּבְבִזָּה יָמִים׃ וּבְהִכָּשְׁלָם יֵעָזְרוּ עֵזֶר מְעָט
לה וְנִלְווּ עֲלֵיהֶם רַבִּים בַּחֲלַקְלַקּוֹת׃ וּמִן־הַמַּשְׂכִּילִים יִכָּשְׁלוּ
לִצְרוֹף בָּהֶם וּלְבָרֵר וְלַלְבֵּן עַד־עֵת קֵץ כִּי־עוֹד לַמּוֹעֵד׃
36 וְעָשָׂה כִרְצוֹנוֹ הַמֶּלֶךְ וְיִתְרוֹמֵם וְיִתְגַּדֵּל עַל־כָּל־אֵל וְעַל
אֵל אֵלִים יְדַבֵּר נִפְלָאוֹת וְהִצְלִיחַ עַד־כָּלָה זַעַם כִּי נֶחֱרָצָה
37 נֶעֱשָׂתָה׃ וְעַל־אֱלֹהֵי אֲבֹתָיו לֹא יָבִין וְעַל־חֶמְדַּת נָשִׁים
38 וְעַל־כָּל־אֱלוֹהַּ לֹא יָבִין כִּי עַל־כֹּל יִתְגַּדָּל׃ וְלֶאֱלֹהַּ מָעֻזִּים
עַל־כַּנּוֹ יְכַבֵּד וְלֶאֱלוֹהַּ אֲשֶׁר לֹא־יְדָעֻהוּ אֲבֹתָיו יְכַבֵּד

19 אוּנְד אַזוֹי וֶועט עֶר אוּמְקֶעהְרֶען זַיין פָּנִים צוּ דִיא פֶעסְטֶע (שְׁטֶעט) פוּן זַיין לַאנְד, אוּנְד עֶר וֶועט גֶעשְׁטְרוֹיכֶעלְט וֶוערֶען אוּנְד פַאלֶען, אוּנְד וֶועט נִיט (מֶעהְר) גֶעפוּנֶען וֶוערֶען׃ 20 אוּנְד עֶס וֶועט זִיךְ אֵיינֶער אוֹיפְשְׁטֶעלֶען אוֹיף זַיינֶע שְׁטֶעל, אוּנְד עֶר וֶועט מַאכֶען אִיבֶּערְפָאהְרֶען אַ בֶּעצְווִינְגֶער אִין דֶער שֶׁענְהַייט פוּן דֶעם מַלְכוּת אוּנְד אִין עֶטְלִיכֶע טֶעג וֶועט עֶר צוּבְּרָאכֶען וֶוערֶען, אָבֶּער נִיט דוּרְךְ הֶענְד אוּנְד נִיט אִין דֶער מִלְחָמָה׃ 21 דֶערְנָאךְ וֶועט אוֹיף זַיינֶער שְׁטֶעל אוֹיפְשְׁטֶעהְן אַ פֶערַאכְטֶער, אוּנְד אוֹיף אִיהְם וֶועט נִיט גֶעגֶעבֶּען וֶוערֶען דִיא שֶׁעהְנְקַייט פוּן דֶעם מַלְכוּת, אוּנְד עֶר וֶועט קוּמֶען בְּשַׁלְוָה, אוּנְד עֶר וֶועט אָנְהַאלְטֶען דָאס מַלְכוּת דוּרְךְ גְלַאטֶע וֶוערְטֶער׃ 22 אוּנְד מִיט פֶערְפְלֵייצְטֶע חַיָילוֹת וֶועלֶען זֵייא פָאר אִיהְם פֶערְפְלֵייצְט וֶוערֶען אוּנְד צוּבְּרָאכֶען וֶוערֶען, אוּנְד אַפִילוּ אוֹיךְ דֶער פִירְשְׁט פוּן דֶעם בּוּנְד׃ 23 אוּנְד פוּן וֶועגֶען דֶער פֶערְבִּינְדוּנְג מִיט אִיהְם וֶועט עֶר עֶס טְהוּן מִיט פַאלְשְׁקֵייט, אוּנְד עֶר וֶועט אַרוֹיפְגֶעהְן אוּנְד זִיךְ שְׁטַארְקֶען מִיט ווִינְצִיג פָאלְק׃ 24 עֶר וֶועט אַרֵיינְקוּמֶען בְּשַׁלְוָה אִין דֶער פֶעטֶע מְדִינָה, אוּנְד עֶר וֶועט אַזָאלְכֶעס טְהוּן וָואס זַיינֶע עֶלְטֶערְן אוּנְד זַיינֶע עֶלְטֶערְנְ'ס עֶלְטֶערְן הָאבֶּען נִיט אַמָאל גֶעטְהוּן, עֶר וֶועט צוּ זֵייא פֶערְשְׁפְּרֵייטֶען רוֹיבּ אוּנְד זַאקְרוֹיבּ אוּנְד רַייכְטְהוּם, אוּנְד אוֹיף דִיא פֶעסְטֶע שְׁטֶעט וֶועט עֶר טְרַאכְטֶען זַיינֶע מַחְשָׁבוֹת בִּיז צוּ אַ גֶעווִיסֶע צַייט׃ 25 אוּנְד עֶר וֶועט דֶערְוֶועקֶען זַיין הַארְץ קֶעגֶען דֶעם מֶלֶךְ פוּן דָרוֹם־זַייט מִיט אַ גְרוֹיס חַיִל, אוּנְד דֶער מֶלֶךְ פוּן דָרוֹם־זַייט וֶועט זִיךְ אוֹיפְרֵייצֶען צוּ דֶער מִלְחָמָה מִיט אַ גְרוֹיס אוּנְד אַ זֶעהְר שְׁטַארְקֶעס חַיִל אוּנְד עֶר וֶועט נִיט קֶענֶען בֶּעשְׁטֶעהְן, ווַייל מֶען וֶועט קֶעגֶען אִיהְם טְרַאכְטֶען מַחֲשָׁבוֹת׃ 26 אַפִילוּ דִיא (הַארֶען) וָואס עֶסֶען פוּן זַיינֶע שְׁפֵּייז, דִיא וֶועלֶען אִיהְם צוּבְּרֶעכֶען אוּנְד וֶועלֶען זַיין חַיִל פֶערְפְלֵייצֶען, אוּנְד פִילֶע דֶערְשְׁלָאגֶענֶע וֶועלֶען פַאלֶען׃ 27 אוּנְד דִיא הֶערְצֶער פוּן דִיא בֵּיידֶע מְלָכִים וֶועלֶען זַיין שְׁלֶעכְטֶעס צוּ טְהוּן, אוּנְד בֵּייא אֵיין טִישׁ וֶועלֶען זֵייא רֶעדֶען לִיגֶען, אָבֶּער עֶס וֶועט זֵייא נִיט בֶּעגְלִיקֶען, וָוארִין דֶער סוֹף אִיז נָאךְ (אָפְּגֶעלֶעגְט) אוֹיף אַ בֶּעשְׁטִימְטֶע צַייט׃ 28 דֶערְנָאךְ וֶועט עֶר זִיךְ צוּרִיקְקֶעהְרֶען צוּ זַיין לַאנְד מִיט אַ גְרוֹיס רַייכְטְהוּם, אוּנְד זַיין הַארְץ וֶועט זַיין קֶעגֶען דֶעם הֵיילִיגֶען בּוּנְד, אוּנְד וֶוען עֶר וֶועט דָאס טְהוּן אַזוֹי וֶועט עֶר זִיךְ אוּמְקֶעהְרֶען צוּ זַיין אֵייגֶען לַאנְד׃ 29 אִין אַ בֶּעשְׁטִימְטֶע צַייט וֶועט עֶר צוּרִיקְקֶעהְרֶען אוּנְד אָנְקוּמֶען אִין דָרוֹם־לַאנְד, אָבֶּער עֶס וֶועט נִיט זַיין אַזוֹי ווִיא דָאס עֶרְשְׁטֶע אוּנְד אַזוֹי ווִיא דָאס לֶעצְטֶע׃ 30 וָוארִין דִיא שִׁיפֶען פוּן כִּתִּים וֶועלֶען קֶעגֶען אִיהְם קוּמֶען אוּנְד וֶועלֶען אִיהְם אַנִידֶערְשְׁלָאגֶען, אוּנְד עֶר וֶועט זִיךְ אוּמְקֶעהְרֶען אוּנְד צָארְנֶען קֶעגֶען דֶעם הֵיילִיגֶען בּוּנְד, אוּנְד אַזוֹי וֶועט עֶר עֶס טְהוּן, אוּנְד וֶוען עֶר וֶועט זִיךְ אוּמְקֶעהְרֶען אַזוֹי וֶועט עֶר אוֹיךְ בֶּעמֶערְקֶען דִיא וָואס הָאבֶּען פֶערְלָאזְט דֶעם הֵיילִיגֶען בּוּנְד׃ 31 אוּנְד דִיא חַיָילוֹת פוּן אִיהְם וֶועלֶען זִיךְ אוֹיפְשְׁטֶעלֶען, אוּנְד זֵייא וֶועלֶען מְחַלֵל זַיין דָאס שְׁטַארְקֶע בֵּית הַמִקְדָשׁ, אוּנְד זֵייא וֶועלֶען אָפְּטְהוּן דָאס קָרְבַּן הַתָּמִיד, אוּנְד זֵייא וֶועלֶען (אַן דֶער שְׁטֶעל) גֶעבֶּען דִיא אוּמְוֶוערְדִיגְקֵייט וָואס מַאכְט פֶערְווִיסְטוּנְג׃ 32 אוּנְד אַזָאלְכֶע וָואס טְהוּן שְׁלֶעכְטֶעס קֶעגֶען דֶעם בּוּנְד וֶועט עֶר חַנְפִינֶען מִיט גְלַאטֶע וֶוערְטֶער, אָבֶּער דָאס פָאלְק וָואס קֶען זַיין גָאט וֶועלֶען זִיךְ שְׁטַארְקֶען אוּנְד וֶועלֶען עֶס (טְהוּן) אוֹיסְפִיהְרֶען׃ 33 אוּנְד דִיא קְלוּגֶע פוּן דֶעם פָאלְק וֶועלֶען עֶס צוּ פִילֶע צוּ פֶערְשְׁטֶעהְן גֶעבֶּען, אָבֶּער זֵייא וֶועלֶען גֶעשְׁטְרוֹיכֶעלְט וֶוערֶען דוּרְךְ דֶעם שְׁוֶוערְד אוּנְד דוּרְךְ דִיא פְלַאם, דוּרְךְ גֶעפַאנְגֶענְשַׁאפְט אוּנְד דוּרְךְ פְּלִינְדֶערוּנְג פִיל טֶעג (יָאהְרֶען)׃ 34 אָבֶּער אִין זֵייעֶרֶע שְׁטְרוֹיכְלוּנְג וֶועלֶען זֵייא גֶעהָאלְפֶען וֶוערֶען מִיט אַ קְלֵיינֶע הִילְף, אָבֶּער פִילֶע וֶועלֶען זִיךְ צוּ זֵייא בֶּעהֶעפְטֶען מִיט גְלַאטֶע וֶוערְטֶער (חֲנִיפָה)׃ 35 אוּנְד עֶטְלִיכֶע פוּן דִיא קְלוּגֶע לֵייט וֶועלֶען (אוֹיךְ) גֶעשְׁטְרוֹיכֶעלְט וֶוערֶען, כְּדֵי זֵייא זָאלֶען דֶערְמִיט גֶעפְּרִיפְט אוּנְד גֶעלֵייטֶערְט וֶוערֶען, אוּנְד ווַייס גֶעמַאכְט וֶוערֶען

39 בְּזָהָב וּבְכֶסֶף וּבְאֶבֶן יְקָרָה וּבַחֲמֻדוֹת׃ וְעָשָׂה לְמִבְצְרֵי
מָעֻזִּים עִם־אֱלוֹהַּ נֵכָר אֲשֶׁר הִכִּיר יַרְבֶּה כָבוֹד וְהִמְשִׁילָם
מ בְּרַבִּים וַאֲדָמָה יְחַלֵּק בִּמְחִיר׃ וּבְעֵת קֵץ יִתְנַגַּח עִמּוֹ
מֶלֶךְ הַנֶּגֶב וְיִשְׂתָּעֵר עָלָיו מֶלֶךְ הַצָּפוֹן בְּרֶכֶב וּבְפָרָשִׁים
41 וּבָאֳנִיּוֹת רַבּוֹת וּבָא בַאֲרָצוֹת וְשָׁטַף וְעָבָר׃ וּבָא בְּאֶרֶץ
הַצְּבִי וְרַבּוֹת יִכָּשֵׁלוּ וְאֵלֶּה יִמָּלְטוּ מִיָּדוֹ אֱדוֹם וּמוֹאָב
42 וְרֵאשִׁית בְּנֵי עַמּוֹן׃ וְיִשְׁלַח יָדוֹ בַּאֲרָצוֹת וְאֶרֶץ מִצְרַיִם
43 לֹא תִהְיֶה לִפְלֵיטָה׃ וּמָשַׁל בְּמִכְמַנֵּי הַזָּהָב וְהַכֶּסֶף וּבְכֹל
44 חֲמֻדוֹת מִצְרָיִם וְלֻבִים וְכֻשִׁים בְּמִצְעָדָיו׃ וּשְׁמֻעוֹת יְבַהֲלֻהוּ
מִמִּזְרָח וּמִצָּפוֹן וְיָצָא בְּחֵמָא גְדֹלָה לְהַשְׁמִיד וּלְהַחֲרִים
מה רַבִּים׃ וְיִטַּע אָהֳלֵי אַפַּדְנוֹ בֵּין יַמִּים לְהַר־צְבִי־קֹדֶשׁ וּבָא
עַד־קִצּוֹ וְאֵין עוֹזֵר לוֹ׃

## יב

א וּבָעֵת הַהִיא יַעֲמֹד מִיכָאֵל הַשַּׂר הַגָּדוֹל הָעֹמֵד עַל־בְּנֵי
עַמֶּךָ וְהָיְתָה עֵת צָרָה אֲשֶׁר לֹא־נִהְיְתָה מִהְיוֹת גּוֹי עַד
הָעֵת הַהִיא וּבָעֵת הַהִיא יִמָּלֵט עַמְּךָ כָּל־הַנִּמְצָא כָּתוּב
2 בַּסֵּפֶר׃ וְרַבִּים מִיְּשֵׁנֵי אַדְמַת־עָפָר יָקִיצוּ אֵלֶּה לְחַיֵּי
3 עוֹלָם וְאֵלֶּה לַחֲרָפוֹת לְדִרְאוֹן עוֹלָם׃ וְהַמַּשְׂכִּלִים יַזְהִרוּ
כְּזֹהַר הָרָקִיעַ וּמַצְדִּיקֵי הָרַבִּים כַּכּוֹכָבִים לְעוֹלָם וָעֶד׃
4 וְאַתָּה דָנִיֵּאל סְתֹם הַדְּבָרִים וַחֲתֹם הַסֵּפֶר עַד־עֵת קֵץ
ה יְשֹׁטְטוּ רַבִּים וְתִרְבֶּה הַדָּעַת׃ וְרָאִיתִי אֲנִי דָנִיֵּאל וְהִנֵּה
שְׁנַיִם אֲחֵרִים עֹמְדִים אֶחָד הֵנָּה לִשְׂפַת הַיְאֹר וְאֶחָד הֵנָּה
6 לִשְׂפַת הַיְאֹר׃ וַיֹּאמֶר לָאִישׁ לְבוּשׁ הַבַּדִּים אֲשֶׁר מִמַּעַל
7 לְמֵימֵי הַיְאֹר עַד־מָתַי קֵץ הַפְּלָאוֹת׃ וָאֶשְׁמַע אֶת־הָאִישׁ ׀
לְבוּשׁ הַבַּדִּים אֲשֶׁר מִמַּעַל לְמֵימֵי הַיְאֹר וַיָּרֶם יְמִינוֹ
וּשְׂמֹאלוֹ אֶל־הַשָּׁמַיִם וַיִּשָּׁבַע בְּחֵי הָעוֹלָם כִּי לְמוֹעֵד
מוֹעֲדִים וָחֵצִי וּכְכַלּוֹת נַפֵּץ יַד־עַם־קֹדֶשׁ תִּכְלֶינָה כָל־

ביז צו דעם ענד פון דער צייט, וואָרין עס איז נאָך ביז צו אַ בעשטימטע צייט: 36 אונד דער מלך וועט טהון נאָך זיין אייגענעם ווילען, אונד ער וועט זיך דערהייכען אונד גרויס מאַכען איבער איטליכען גאָט, אַפילו איבער דעם גאָט פון דיא געטער וועט ער וואונדערליכע זאַכען רעדען, אונד ער וועט בעגליקען ביז דער צאָרן איז פערלענט, וואָרין דאָס וואָס איז בעשטימט וועט געטהון ווערען: 37 אָבער אויף דעם גאָט פון זיינע עלטערן וועט ער ניט מערקען, אויך ניט אַמאָל גלוסטען צו ווייבער, ער וועט אַפילו ניט מערקען אויף קיין איינציגען גאָט, וואָרין ער וועט זיך איבער אַלעם גרויס מאַכען: 38 אָבער דעם שטאַרקען גאָט וועט ער אויף זיינע שטעל בכבוד האַלטען, אונד אַ גאָט וואָס זיינע עלטערן האָבען ניט געקענט דעם וועט ער בכבוד האַלטען מיט גאָלד אונד מיט זילבער אונד מיט טייערע שטיינער אונד מיט גלוסטיגע זאַכען: 39 אונד ער וועט טהון מיט דיא שטאַרקע פעסטונגען אַזוי וויא מיט דיא פרעמדע אָפּגעטער, וועמען ער וועט אָנדערקענען אונד פערמעהרען כבוד, אונד ער וועט זייא מאַכען געוועלטיגע איבער פילע, אונד ער וועט דאָס לאַנד צוטיילען פאַר אַ קויפפּרייז: 40 אונד אין דער צייט פון דעם ענד וועט דער מלך פון דרום־זייט קעגען איהם אָנשטויסען, אָבער דער מלך פון צפון־זייט וועט קעגען איהם שטורמען מיט רייטוועגען אונד מיט רייטער, אונד מיט פילע שיפען, אונד ער וועט קומען אין דיא לענדער אונד וועט זייא פערפלייצען אונד אריבער פאָהרען: 41 אונד ער וועט אויך אַריינקומען אין דעם גלוסטיגען לאַנד אָבער פילע (לענדער) וועלען געשטרויכעלט ווערען, אָבער דיא דאָזיגע וועלען אַנטרונען ווערען פון זיינע האַנד, דהיינו, אדום אונד מואָב, אונד דיא ערשטע (בעסטע) פון דיא בני עמון: 42 אונד ער וועט אויסשטרעקען זיינע האַנד קעגען דיא לענדער; אונד דאָס לאַנד מצרים וועט אויך ניט זיין צו איינע אַנטרינונג: 43 אונד ער וועט געוועלטיגען איבער דיא (פערבאָרגענע) אוצרות פון דעם גאָלד אונד זילבער אונד איבער אַלע גלוסטיגע זאַכען פון מצרים, אונד דיא לובים אונד דיא כושים וועלען איהם נאָכגעהן אין זיינע טריט: 44 אָבער דיא נאָכריכטען (שמועות) פון מזרח־זייט אונד צפון־זייט וועלען איהם דערשרעקען, אונד ער וועט אַרויסגעהן מיט אַ גרויסען גרימצאָרן צו פערטילגען אונד מחרים צו זיין פילע: 45 אונד ער וועט זיין געצעלט פלאַנצען (אויפשטעלען) פון זיין פּאַלאַסט צווישען דיא ימים אין דעם גלוסטיגען הייליגען באַרג, אונד דאָך וועט ער קומען צו זיין סוף אָבער עס וועט איהם קיינער ניט העלפען:

## קאפיטעל יב

1 אונד אין דער דאָזיגער צייט וועט שטעהן מיכאל דער גרויסער פירשט, וואָס שטעהט פאַר דיא קינדער פון דיין פאָלק, אונד עס וועט זיין אַ צייט פון צרה, אַזאָלכע וואָס עס איז נאָך קיינמאָל ניט געוועזען זייט עס האָט אָנגעהויבען צו זיין אַ פאָלק אַפילו ביז צו דער דאָזיגער צייט אָבער אין דער דאָזיגער צייט וועט דיין פאָלק אַנטרינען, איטליכער וואָס וועט געפונען ווערען איינגעשריבען אין דעם בוך: 2 אונד פילע פון דיא וואָס שלאָפען אין דעם שטויב פון דער ערד וועלען אויפוואַכען, עטליכע צום עביגען לעבען אונד עטליכע צו חרפה אונד איינע עביגע בושה: 3 אָבער דיא קלוגע וועלען שיינען אַזוי וויא דיא לייכטונג פון דעם הימעל, אונד דיא וואָס טהון פילע גערעכט מאַכען אַזוי וויא דיא שטערן אויף אימער אונד עביג: 4 אָבער דו דניאל, פערשטאָפּ דיא ווערטער אונד פערחתמה דאָס ספר ביז צו דער צייט פון דעם ענד; פילע וועלען אַהין אונד אַהער לויפען, אונד דיא וויסענשאַפט וועט זיך פערמעהרען: 5 אַזוי האָב איך דניאל געזעהען, אונד זעה, צווייא אַנדערע (מלאכים) זענען געשטאַנען, איינער פון דיא זייט פון דעם באָרטען פון דעם טייך, אונד איינער פון דער אַנדערע זייט פון

דעם

8 אֵֽלֶּה׃ וַאֲנִי שָׁמַעְתִּי וְלֹא אָבִין וָאֹמְרָה אֲדֹנִי מָה אַחֲרִית
9 אֵֽלֶּה׃ וַיֹּאמֶר לֵךְ דָּנִיֵּאל כִּי־סְתֻמִים וַחֲתֻמִים הַדְּבָרִים
י עַד־עֵת קֵֽץ׃ יִתְבָּרְרוּ וְיִתְלַבְּנוּ וְיִצָּרְפוּ רַבִּים וְהִרְשִׁיעוּ
11 רְשָׁעִים וְלֹא יָבִינוּ כָּל־רְשָׁעִים וְהַמַּשְׂכִּלִים יָבִֽינוּ׃ וּמֵעֵת
הוּסַר הַתָּמִיד וְלָתֵת שִׁקּוּץ שֹׁמֵם יָמִים אֶלֶף מָאתַיִם
12 וְתִשְׁעִֽים׃ אַשְׁרֵי הַמְחַכֶּה וְיַגִּיעַ לְיָמִים אֶלֶף שְׁלֹשׁ מֵאוֹת
13 שְׁלֹשִׁים וַחֲמִשָּֽׁה׃ וְאַתָּה לֵךְ לַקֵּץ וְתָנוּחַ וְתַעֲמֹד לְגֹרָלְךָ
לְקֵץ הַיָּמִֽין׃

# חזק

סכום פסוקי דספר דניאל שלש מאות וחמשים ושבעה. וסימנו כי רוח יי׳ נשבה בו. וחציו בה בליליא קטיל בלשאצר. וסדריו שבעה. וסימנו ועיני רשעים תכלינה ומנוס אבד מנהם ותקותם מפח נפש:

דֶעם בָּארְטֶען פוּן דֶעם טֵייךְ: 6 אוּנְד (אֵיי־
נֶער) הָאט גֶעזָאגְט צוּ דֶעם מַאן וָואס אִיז
גֶעוֶועזֶען אָנְגֶעקְלֵייד מִיט לֵיינֶען, וָואס אִיז
גֶעוֶועזֶען אִיבֶּער דִיא וַואסֶער פוּן דֶעם טֵייךְ:
בִּיז וִויא לַאנְג וֶועט עֶס זֵיין צוּ דֶעם עֶנְד פוּן
דִיא וְואוּנְדֶערְלִיכֶע זַאכֶען? 7 אוּנְד אִיךְ
הָאבּ גֶעהֶערְט דֶעם מַאן וָואס אִיז גֶעוֶועזֶען
אָנְגֶעקְלֵייד מִיט לֵיינֶען, וָואס אִיז גֶע־
וֶועזֶען אִיבֶּער דִיא וַואסֶער פוּן דֶעם טֵייךְ,
אוּנְד עֶר הָאט אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען זֵיינֶע רֶעכְטֶע
הַאנְד אוּנְד זֵיינֶע לִינְקֶע הַאנְד צוּ דֶעם
הִימֶעל, אוּנְד עֶר הָאט גֶעשְׁוְואוֹירֶען בַּייא
דֶעם וָואס לֶעבְּט אוֹיף עֶבִּיג, דָאס עֶס
וֶועט זֵיין פַאר אַ צֵייט, צֵייטֶען, אוּנְד אַ הַאלְבֶּע צֵייט, אוּנְד וֶוען עֶר וֶועט הָאבֶּען
פֶערְלֶענְט צוּ פֶערְשְׁטְרֵייעֶן דָאס הֵיילִיגֶע פָאלְק אַזוֹי וֶועט דָאס אַלֶעס פֶערְלֶענְט
וֶוערֶען: 8 אוּנְד אִיךְ הָאבּ דָאס גֶעהֶערְט אָבֶּער אִיךְ הָאבּ עֶס נִיט פֶערְשְׁטַאנֶען,
אַזוֹי הָאבּ אִיךְ גֶעזָאגְט, אָ מֵיין הַאר! וָואס וֶועט זֵיין דָאס עֶנְד פוּן דֶעם דָאזִיגֶען?
9 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, גֶעה אַוֶועק, דוּא דָנִיאֵל, וָוארִין דִיא וֶוערְטֶער זֶענֶען פֶערְ־
שְׁטָאפְּט אוּנְד פֶערְחַתְמֶת בִּיז צוּ דֶער צֵייט פוּן דֶעם עֶנְד: 10 פִילֶע וֶועלֶען גֶערֵיינִיגְט
אוּנְד וֵייס גֶעמַאכְט וֶוערֶען, אוּנְד גֶעפְּרִיפְט וֶוערֶען, אָבֶּער דִיא רְשָׁעִים וֶועלֶען טְהוּן
רִשְׁעוֹת; אוּנְד קֵיין אֵיינְצִיגֶער רָשָׁע וֶועט עֶס פֶערְשְׁטֶעהְן, אָבֶּער דִיא קְלוּגֶע לֵייט וֶוע־
לֶען עֶס פֶערְשְׁטֶעהְן: 11 דָאס פוּן דֶער צֵייט וֶוען דָאס קָרְבָּן תָּמִיד וֶועט אָפְּגֶעטְהוּן
וֶוערֶען, אוּנְד דִיא אוּמְוֶוערְדִיגְקֵייט וָואס טְהוּט פֶערְוִויסְט מַאכֶען וֶועט (אִין דֶער שְׁטֶעל)
גֶעגֶעבֶּען וֶוערֶען, וֶועט זֵיין אֵיין טוֹיזֶענְד צְוֵוייא הוּנְדֶערְט אוּנְד נֵיינְצִיג (יָאהְר):
12 גֶעבֶּענְשְׁט אִיז דֶער וָואס וֶועט הָאפֶען אוּנְד דֶערְגְרֵייכֶען צוּ דִיא טֶעג, דְהַיְינוּ אֵיין
טוֹיזֶענְד דְרֵייא הוּנְדֶערְט אוּנְד פִינְף אוּנְד דְרֵייסִיג טֶעג: 13 אָבֶּער דוּא גֶעה אַוֶועק צוּ
דֶעם עֶנְד, וָוארִין דוּא וֶועסְט רוּהֶען, אוּנְד שְׁטֶעהְן אִין דֵיין גוֹרָל אִין דֶעם סוֹף פוּן
דִיא טֶעג:

# חזק

---

אלע פסוקים פֿון דעם ספר דניאל זענען דרייא הונדערט אונד זיבען אונד פֿופֿציג, אונד דיא העלפֿט דֿערפֿון איז קאפיטעל ה׳ ל׳; אונד האט צוועלף קאפיטלעך:

# ספר עזרא

1 אִין דֶעם עֶרְשְׁטֶען יָאהְר פוּן כּוֹרֶשׁ,
מֶלֶךְ פוּן פָּרַס, כְּדֵי צוּ פֶערְלֶענְדֶען דָאס
וָוארְט פוּן גָאט דוּרְךְ דֶעם גֵייסְט פוּן
כּוֹרֶשׁ מֶלֶךְ פוּן פָּרַס, דָאס עֶר הָאט גֶע־
לָאזְט אוֹיסְרוּפֶען דוּרְךְ זֵיין גַאנְצֶען
קֶענִיגְרֵייךְ, אוּנְד עֶר הָאט עֶס אוֹיךְ
גֶעלָאזְט אָנְשְׁרֵייבֶּען אַזוֹי צוּ זָאגֶען:
2 אַזוֹי זָאגְט כּוֹרֶשׁ מֶלֶךְ פוּן פָּרַס,
אַלֶע קֶענִיגְרֵייכֶע פוּן דֶער עֶרְד הָאט
דֶער הַאר, דֶער גָאט פוּן דֶעם הִימֶעל,
צוּ מִיר גֶעגֶעבֶּען, אוּנְד עֶר הָאט מִיר
בֶּעפוֹילֶען פַאר אִיהְם צוּ בּוֹיעֶן אַ הוֹיז
אִין יְרוּשָׁלַיִם וָואס אִיז אִין יְהוּדָה:
3 וֶוער אִיז צְוִוישֶׁען אֵייךְ פוּן זֵיין
גַאנְצֶען פָאלְק? זֵיין גָאט זָאל זֵיין מִיט
אִיהְם, אוּנְד לָאז עֶר אַרוֹיפְגֶעהְן קֵיין
יְרוּשָׁלַיִם וָואס אִיז אִין יְהוּדָה, אוּנְד לָאז עֶר בּוֹיעֶן דָאס הוֹיז פוּן דֶעם הַאר דֶעם
גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל, (עֶר אִיז דֶער גָאט וָואס אִיז אִין יְרוּשָׁלַיִם): 4 אוּנְד אִיטְלִיכֶער
וָואס אִיז אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּען פוּן אַלֶע עֶרְטֶער וְוארוּ עֶר הָאלְט זִיךְ דָארְט אוֹיף,
לָאזֶען אִיהְם דִיא לֵייט פוּן זֵיין אָרְט הֶעלְפֶען מִיט זִילְבֶּער אוּנְד גָאלְד אוּנְד מִיט
פֶערְמֶעגֶען, אוּנְד מִיט בְּהֵמוֹת, חוּץ דִיא נְדָבוֹת פַאר דֶעם הוֹיז פוּן גָאט וָואס אִיז
אִין יְרוּשָׁלַיִם: 5 אַזוֹי זֶענֶען דִיא רָאשֵׁי הָאָבוֹת פוּן יְהוּדָה אוּנְד בִּנְיָמִין, אוּנְד
דִיא כֹּהֲנִים אוּנְד דִיא לְוִיִּם אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען, מִיט אִיטְלִיכֶען וָואס גָאט הָאט דֶערְ־
וֶועקְט זֵיין גֵייסְט אַרוֹיפְצוּגֶעהְן צוּ בּוֹיעֶן דָאס הוֹיז פוּן דֶעם הַאר וָואס אִיז אִין
יְרוּשָׁלַיִם: 6 אוּנְד אַלֶע וָואס זֶענֶען גֶעוֶועזֶען רִינְגְם אַרוּם זֵייא, הָאבֶּען זֵייא
גֶעשְׁטַארְקְט זֵיירֶע הֶענְד מִיט זִילְבֶּערְנֶע אוּנְד גָאלְדֶענֶע כֵּלִים, מִיט פֶערְמֶעגֶען
אוּנְד מִיט בְּהֵמוֹת, אוּנְד מִיט טֵייעֶרֶע זַאכֶען, חוּץ דִיא נְדָבוֹת וָואס אִיטְלִיכֶער הָאט
פְרֵייוִוילִיג גֶעגֶעבֶּען: 7 אוּנְד דֶער מֶלֶךְ כּוֹרֶשׁ הָאט אַרוֹיסְגֶעבְּרַאכְט דִיא כֵּלִים
פוּן דֶעם הוֹיז פוּן דֶעם הַאר, וָואס נְבוּכַדְנֶצַר הָאט אַרוֹיסְגֶעבְּרֶענְגְט פוּן יְרוּשָׁלַיִם,
אוּנְד עֶר הָאט זֵייא גֶעגֶעבֶּען אִין דֶעם הוֹיז פוּן זֵיינֶע גֶעטֶער: 8 אַפִילוּ דִיא
הָאט כּוֹרֶשׁ מֶלֶךְ פוּן פָּרַס אַרוֹיסְגֶעבְּרַאכְט אוּנְטֶער דִיא הַאנְד פוּן מִתְרְדָת, דֶער
הַאר אִיבֶּער דִיא אוֹצְרוֹת, אוּנְד עֶר הָאט זֵייא גֶעצֶעהְלְט צוּ שֵׁשְׁבַּצַּר דֶעם נָשִׂיא
פוּן יְהוּדָה: 9 אוּנְד דָאס אִיז זֵייעֶר צָאל, דְרֵייסִיג גָאלְדֶענֶע שִׁיסֶעל, אוּנְד
טוֹיזֶענְד זִילְבֶּערְנֶע שִׁיסֶעל; נַיין אוּנְד צְוַואנְצִיג מֶעסֶער: 10 דְרֵייסִיג גָאלְדֶענֶע
בֶּעקֶען, אוּנְד פִיעֶר הוּנְדֶערְט אוּנְד צֶעהְן זִילְבֶּערְנֶע בֶּעקֶען פוּן אַ צְוֵוייטֶע גַאטוּנְג,

א וּבִשְׁנַת אַחַת לְכוֹרֶשׁ מֶלֶךְ פָּרַס לִכְלוֹת דְּבַר־יְהוָה מִפִּי
יִרְמְיָה הֵעִיר יְהוָה אֶת־רוּחַ כֹּרֶשׁ מֶלֶךְ־פָּרַס וַיַּעֲבֶר־קוֹל
2 בְּכָל־מַלְכוּתוֹ וְגַם־בְּמִכְתָּב לֵאמֹר׃ כֹּה אָמַר כֹּרֶשׁ מֶלֶךְ
פָּרַס כֹּל מַמְלְכוֹת הָאָרֶץ נָתַן לִי יְהוָה אֱלֹהֵי הַשָּׁמָיִם
וְהוּא־פָקַד עָלַי לִבְנוֹת־לוֹ בַיִת בִּירוּשָׁלַםִ אֲשֶׁר בִּיהוּדָה׃
3 מִי־בָכֶם מִכָּל־עַמּוֹ יְהִי אֱלֹהָיו עִמּוֹ וְיַעַל לִירוּשָׁלַםִ אֲשֶׁר
בִּיהוּדָה וְיִבֶן אֶת־בֵּית יְהוָה אֱלֹהֵי יִשְׂרָאֵל הוּא הָאֱלֹהִים
4 אֲשֶׁר בִּירוּשָׁלָםִ׃ וְכָל־הַנִּשְׁאָר מִכָּל־הַמְּקֹמוֹת אֲשֶׁר הוּא
גָר־שָׁם יְנַשְּׂאוּהוּ אַנְשֵׁי מְקֹמוֹ בְּכֶסֶף וּבְזָהָב וּבִרְכוּשׁ
וּבִבְהֵמָה עִם־הַנְּדָבָה לְבֵית הָאֱלֹהִים אֲשֶׁר בִּירוּשָׁלָםִ׃
ה וַיָּקוּמוּ רָאשֵׁי הָאָבוֹת לִיהוּדָה וּבִנְיָמִן וְהַכֹּהֲנִים וְהַלְוִיִּם
לְכֹל הֵעִיר הָאֱלֹהִים אֶת־רוּחוֹ לַעֲלוֹת לִבְנוֹת אֶת־בֵּית
6 יְהוָה אֲשֶׁר בִּירוּשָׁלָםִ׃ וְכָל־סְבִיבֹתֵיהֶם חִזְּקוּ בִידֵיהֶם
בִּכְלֵי־כֶסֶף בַּזָּהָב בָּרְכוּשׁ וּבַבְּהֵמָה וּבַמִּגְדָּנוֹת לְבַד עַל־
7 כָּל־הִתְנַדֵּב׃ וְהַמֶּלֶךְ כּוֹרֶשׁ הוֹצִיא אֶת־כְּלֵי בֵית־
יְהוָה אֲשֶׁר הוֹצִיא נְבוּכַדְנֶצַּר מִירוּשָׁלַםִ וַיִּתְּנֵם בְּבֵית
8 אֱלֹהָיו׃ וַיּוֹצִיאֵם כּוֹרֶשׁ מֶלֶךְ פָּרַס עַל־יַד מִתְרְדָת הַגִּזְבָּר
9 וַיִּסְפְּרֵם לְשֵׁשְׁבַּצַּר הַנָּשִׂיא לִיהוּדָה׃ וְאֵלֶּה מִסְפָּרָם
אֲגַרְטְלֵי זָהָב שְׁלֹשִׁים אֲגַרְטְלֵי־כֶסֶף אָלֶף מַחֲלָפִים תִּשְׁעָה
י וְעֶשְׂרִים׃ כְּפוֹרֵי זָהָב שְׁלֹשִׁים כְּפוֹרֵי כֶסֶף מִשְׁנִים אַרְבַּע

11 מֵאוֹת וַעֲשָׂרָה כֵּלִים אֲחֵרִים אָלֶף׃ כָּל־כֵּלִים לַזָּהָב וְלַכֶּסֶף
חֲמֵשֶׁת אֲלָפִים וְאַרְבַּע מֵאוֹת הַכֹּל הֶעֱלָה שֵׁשְׁבַּצַּר עִם
הֵעָלוֹת הַגּוֹלָה מִבָּבֶל לִירוּשָׁלִָם׃

## ב

א וְאֵלֶּה ׀ בְּנֵי הַמְּדִינָה הָעֹלִים מִשְּׁבִי הַגּוֹלָה אֲשֶׁר הֶגְלָה
נְבוּכַדְנֶצּוֹר מֶלֶךְ־בָּבֶל לְבָבֶל וַיָּשׁוּבוּ לִירוּשָׁלִַם וִיהוּדָה
2 אִישׁ לְעִירוֹ׃ אֲשֶׁר־בָּאוּ עִם־זְרֻבָּבֶל יֵשׁוּעַ נְחֶמְיָה שְׂרָיָה
רְעֵלָיָה מָרְדֳּכַי בִּלְשָׁן מִסְפָּר בִּגְוַי רְחוּם בַּעֲנָה מִסְפַּר
3 אַנְשֵׁי עַם יִשְׂרָאֵל׃ בְּנֵי פַרְעֹשׁ אַלְפַּיִם מֵאָה שִׁבְעִים
4 ה וּשְׁנָיִם׃ בְּנֵי שְׁפַטְיָה שְׁלֹשׁ מֵאוֹת שִׁבְעִים וּשְׁנָיִם׃ בְּנֵי
6 אָרַח שְׁבַע מֵאוֹת חֲמִשָּׁה וְשִׁבְעִים׃ בְּנֵי־פַחַת מוֹאָב
7 לִבְנֵי יֵשׁוּעַ יוֹאָב אַלְפַּיִם שְׁמֹנֶה מֵאוֹת וּשְׁנֵים עָשָׂר׃ בְּנֵי
8 עֵילָם אֶלֶף מָאתַיִם חֲמִשִּׁים וְאַרְבָּעָה׃ בְּנֵי זַתּוּא תְּשַׁע
9 מֵאוֹת וְאַרְבָּעִים וַחֲמִשָּׁה׃ בְּנֵי זַכָּי שְׁבַע מֵאוֹת וְשִׁשִּׁים׃
י 11 בְּנֵי בָנִי שֵׁשׁ מֵאוֹת אַרְבָּעִים וּשְׁנָיִם׃ בְּנֵי בֵבָי שֵׁשׁ מֵאוֹת
12 עֶשְׂרִים וּשְׁלֹשָׁה׃ בְּנֵי עַזְגָּד אֶלֶף מָאתַיִם עֶשְׂרִים וּשְׁנָיִם׃
13 14 בְּנֵי אֲדֹנִיקָם שֵׁשׁ מֵאוֹת שִׁשִּׁים וְשִׁשָּׁה׃ בְּנֵי בִגְוָי אַלְפַּיִם
טו חֲמִשִּׁים וְשִׁשָּׁה׃ בְּנֵי עָדִין אַרְבַּע מֵאוֹת חֲמִשִּׁים וְאַרְבָּעָה׃
16 17 בְּנֵי־אָטֵר לִיחִזְקִיָּה תִּשְׁעִים וּשְׁמֹנָה׃ בְּנֵי בֵצָי שְׁלֹשׁ מֵאוֹת
18 19 עֶשְׂרִים וּשְׁלֹשָׁה׃ בְּנֵי יוֹרָה מֵאָה וּשְׁנֵים עָשָׂר׃ בְּנֵי חָשֻׁם
כ 21 מָאתַיִם עֶשְׂרִים וּשְׁלֹשָׁה׃ בְּנֵי גִבָּר תִּשְׁעִים וַחֲמִשָּׁה׃ בְּנֵי
22 בֵית לָחֶם מֵאָה עֶשְׂרִים וּשְׁלֹשָׁה׃ אַנְשֵׁי נְטֹפָה חֲמִשִּׁים
23 24 וְשִׁשָּׁה׃ אַנְשֵׁי עֲנָתוֹת מֵאָה עֶשְׂרִים וּשְׁמֹנָה׃ בְּנֵי עַזְמָוֶת
כה אַרְבָּעִים וּשְׁנָיִם׃ בְּנֵי קִרְיַת עָרִים כְּפִירָה וּבְאֵרוֹת שְׁבַע
26 מֵאוֹת וְאַרְבָּעִים וּשְׁלֹשָׁה׃ בְּנֵי הָרָמָה וָגָבַע שֵׁשׁ מֵאוֹת
27 28 עֶשְׂרִים וְאֶחָד׃ אַנְשֵׁי מִכְמָס מֵאָה עֶשְׂרִים וּשְׁנָיִם׃ אַנְשֵׁי
29 בֵּית־אֵל וְהָעָי מָאתַיִם עֶשְׂרִים וּשְׁלֹשָׁה׃ בְּנֵי נְבוֹ חֲמִשִּׁים

אונד א טויזענד אנדערע כלים: 11 אלע כלים פון גאלד אונד זילבער זענען געוועזען, פינף טויזענד אונד פיער הונדערט, דיא אלע האט ששבצר ארויפגעבראכט מיט דיא וואס זענען ארויפגעקומען מיט דיא געפאנגענע פון בבל קיין ירושלים:

## קאפיטעל ב

1 אונד דיא דאזיגע זענען דיא קינדער פון דער מדינה וואס זענען ארויפגעקומען פון דער געפאנגענשאפט וואס נבוכדנצר מלך פון בבל האט אוועקגעפיהרט קיין בבל, אונד זייא זענען צוריקגעקומען קיין ירושלים אונד יהודה, איטליכער צו זיינע שטאט: 2 וואס זענען געקומען מיט זרבבל, ישוע, נחמיה, שריה, רעליה, מרדכי, בלשן, מספר, בגוי, רחום, בענה, דאס איז דיא צאל פון דיא מענער פון דעם פאלק ישראל: 3 דיא קינדער פון פרעש, צוויא טויזענד איין הונדערט אונד צוויא אונד זיבעציג: 4 דיא קינדער פון שפטיה, דרייא הונדערט אונד צוויא אונד זיבעציג: 5 דיא קינדער פון ארח, זיבען הונדערט אונד פינף אונד זיבעציג: 6 דיא קינדער פון פחת־מואב, פון דיא זיהן ישוע אונד יואב, צוויא טויזענד אכט הונדערט אונד צוועלף: 7 דיא קינדער פון עילם, איין טויזענד צוויא הונדערט אונד פיער אונד פופציג: 8 דיא קינדער פון זתוא, ניין הונדערט אונד פינף אונד פירציג: 9 דיא קינדער פון זכי, זיבען הונדערט אונד זעכציג: 10 דיא קינדער פון בני, זעקס הונדערט אונד צוויא אונד פירציג: 11 דיא קינדער פון בבי, זעקס הונדערט אונד דרייא אונד צוואנציג: 12 דיא קינדער פון עזגד, איין טויזענד צוויא הונדערט אונד צוויא אונד צוואנציג: 13 דיא קינדער פון אדניקם, זעקס הונדערט אונד זעקס אונד זעכציג: 14 דיא קינדער פון בגוי, צוויא טויזענד אונד זעקס אונד פופציג: 15 דיא קינדער פון עדין, פיער הונדערט אונד פיער אונד פופציג: 16 דיא קינדער פון אטר פון חזקיה, אכט אונד ניינציג: 17 דיא קינדער פון בצי, דרייא הונדערט אונד דרייא אונד צוואנציג: 18 דיא קינדער פון יורה, איין הונדערט אונד צוועלף: 19 דיא קינדער פון חשם, צוויא הונדערט אונד דרייא אונד צוואנציג: 20 דיא קינדער פון גבר, פינף אונד ניינציג: 21 דיא קינדער פון בית לחם, איין הונדערט אונד דרייא אונד צוואנציג: 22 דיא מענער פון נטופה, זעקס אונד פופציג: 23 דיא מענער פון ענתות, איין הונדערט אונד אכט אונד צוואנציג: 24 דיא קינדער פון עזמות, צוויא אונד פירציג: 25 דיא קינדער פון קרית ערים, כפירה אונד בארות, זיבען הונדערט אונד דרייא אונד פירציג: 26 דיא קינדער פון רמה אונד גבע, זעקס הונדערט אונד איין אונד צוואנציג: 27 דיא מענער פון מכמס, איין הונדערט אונד צוויא אונד צוואנציג: 28 דיא מענער פון בית־אל אונד עי, צוויא הונדערט אונד דרייא אונד צוואנציג: 29 דיא קינדער פון נבו, צוויא אונד פופציג:

31 וּשְׁנָיִם׃ בְּנֵי מַגְבִּישׁ מֵאָה חֲמִשִּׁים וְשִׁשָּׁה׃ בְּנֵי עֵילָם
32 אַחֵר אֶלֶף מָאתַיִם חֲמִשִּׁים וְאַרְבָּעָה׃ בְּנֵי חָרִם שְׁלֹשׁ
33 מֵאוֹת וְעֶשְׂרִים׃ בְּנֵי־לֹד חָדִיד וְאוֹנוֹ שְׁבַע מֵאוֹת עֶשְׂרִים
34 לה חֲמִשָּׁה׃ בְּנֵי יְרֵחוֹ שְׁלֹשׁ מֵאוֹת אַרְבָּעִים וַחֲמִשָּׁה׃ בְּנֵי
36 סְנָאָה שְׁלֹשֶׁת אֲלָפִים וְשֵׁשׁ מֵאוֹת וּשְׁלֹשִׁים׃ הַכֹּהֲנִים
37 בְּנֵי יְדַעְיָה לְבֵית יֵשׁוּעַ תְּשַׁע מֵאוֹת שִׁבְעִים וּשְׁלֹשָׁה׃ בְּנֵי
38 אִמֵּר אֶלֶף חֲמִשִּׁים וּשְׁנָיִם׃ בְּנֵי פַשְׁחוּר אֶלֶף מָאתַיִם
39 מ אַרְבָּעִים וְשִׁבְעָה׃ בְּנֵי חָרִם אֶלֶף וְשִׁבְעָה עָשָׂר׃ הַלְוִיִּם
בְּנֵי־יֵשׁוּעַ וְקַדְמִיאֵל לִבְנֵי הוֹדַוְיָה שִׁבְעִים וְאַרְבָּעָה׃
41 42 הַמְשֹׁרְרִים בְּנֵי אָסָף מֵאָה עֶשְׂרִים וּשְׁמֹנָה׃ בְּנֵי הַשֹּׁעֲרִים
בְּנֵי־שַׁלּוּם בְּנֵי־אָטֵר בְּנֵי־טַלְמֹן בְּנֵי־עַקּוּב בְּנֵי חֲטִיטָא
43 בְּנֵי שֹׁבָי הַכֹּל מֵאָה שְׁלֹשִׁים וְתִשְׁעָה׃ הַנְּתִינִים בְּנֵי־צִיחָא
44 בְנֵי־חֲשׂוּפָא בְּנֵי טַבָּעוֹת׃ בְּנֵי־קֵרֹס בְּנֵי־סִיעֲהָא בְּנֵי
מה 46 פָדוֹן׃ בְּנֵי־לְבָנָה בְנֵי־חֲגָבָה בְּנֵי עַקּוּב׃ בְּנֵי־חָגָב בְּנֵי־
47 48 שַׁמְלַי בְּנֵי חָנָן׃ בְּנֵי־גִדֵּל בְּנֵי־גַחַר בְּנֵי־רְאָיָה׃ בְּנֵי־רְצִין
49 נ בְּנֵי־נְקוֹדָא בְּנֵי גַזָּם׃ בְּנֵי־עֻזָּא בְנֵי־פָסֵחַ בְּנֵי בֵסָי׃ בְּנֵי־
51 אַסְנָה בְנֵי־מְעוּנִים בְּנֵי נְפוּסִים׃ בְּנֵי־בַקְבּוּק בְּנֵי־חֲקוּפָא
52 53 בְּנֵי חַרְחוּר׃ בְּנֵי־בַצְלוּת בְּנֵי־מְחִידָא בְּנֵי חַרְשָׁא׃ בְּנֵי־
54 בַרְקוֹס בְּנֵי־סִיסְרָא בְּנֵי־תָמַח׃ בְּנֵי נְצִיחַ בְּנֵי חֲטִיפָא׃
נה 56 בְּנֵי עַבְדֵי שְׁלֹמֹה בְּנֵי־סֹטַי בְּנֵי־הַסֹּפֶרֶת בְּנֵי פְרוּדָא׃ בְּנֵי־
57 יַעְלָה בְנֵי־דַרְקוֹן בְּנֵי גִדֵּל׃ בְּנֵי שְׁפַטְיָה בְנֵי־חַטִּיל בְּנֵי
58 פֹּכֶרֶת הַצְּבָיִים בְּנֵי אָמִי׃ כָּל־הַנְּתִינִים וּבְנֵי עַבְדֵי שְׁלֹמֹה
59 שְׁלֹשׁ מֵאוֹת תִּשְׁעִים וּשְׁנָיִם׃ וְאֵלֶּה הָעֹלִים מִתֵּל
מֶלַח תֵּל חַרְשָׁא כְּרוּב אַדָּן אִמֵּר וְלֹא יָכְלוּ לְהַגִּיד בֵּית־
ס אֲבוֹתָם וְזַרְעָם אִם מִיִּשְׂרָאֵל הֵם׃ בְּנֵי־דְלָיָה בְנֵי־טוֹבִיָּה
61 בְּנֵי נְקוֹדָא שֵׁשׁ מֵאוֹת חֲמִשִּׁים וּשְׁנָיִם׃ וּמִבְּנֵי הַכֹּהֲנִים
בְּנֵי חֳבַיָּה בְּנֵי הַקּוֹץ בְּנֵי בַרְזִלַּי אֲשֶׁר לָקַח מִבְּנוֹת בַּרְזִלַּי

30 דיא קינדער פון מַגְבִּישׁ, איין הונדערט אונד זעקס אונד פופציג 31 דיא קינדער פון עֵילָם, דעם אַנדערן, איין טויזענד צוויא הונדערט אונד פיער אונד פופציג: 32 דיא קינדער פון חָרִם, דרייא הונדערט אונד צוואנציג: 33 דיא קינדער פון לֹד, חָדִיד אונד אוֹנוֹ, זיבען הונדערט אונד פינף אונד צוואנציג: 34 דיא קינדער פון יְרֵחוֹ, דרייא הונדערט אונד פינף אונד פירציג: 35 דיא קינדער פון סְנָאָה, דרייא טויזענד זעקס הונדערט אונד דרייסיג: 36 דיא כֹּהֲנִים, דיא קינדער פון יְדַעְיָה, פון דעם הויז יֵשׁוּעַ, ניין הונדערט אונד דרייא אונד זיבעציג: 37 דיא קינדער פון אִמֵּר, איין טויזענד אונד צוויא אונד פופציג: 38 דיא קינדער פון פַּשְׁחוּר, איין טויזענד צוויא הונדערט אונד זיבען אונד פירציג: 39 דיא קינדער פון חָרִם, איין טויזענד אונד זיבצעהן: 40 דיא לְוִיִּם, דיא קינדער פון יֵשׁוּעַ אונד קַדְמִיאֵל, פון דיא קינדער הוֹדַוְיָה, פיער אונד זיבעציג: 41 דיא זינגערס, דיא קינדער פון אָסָף, איין הונדערט אונד אכט אונד צוואנציג: 42 דיא קינדער פון דיא שׁוֹעֲרִים, דיא קינדער פון שַׁלּוּם, דיא קינדער פון אָטֵר, דיא קינדער פון טַלְמוֹן, דיא קינדער פון עַקּוּב, דיא קינדער פון חֲטִיטָא, דיא קינדער פון שֹׁבָי, אים גאנצען, איין הונדערט אונד ניין אונד דרייסיג: 43 דיא נְתִינִים, דיא קינדער פון צִיחָא, דיא קינדער פון חֲשׂוּפָא, דיא קינדער פון טַבָּעוֹת: 44 דיא קינדער פון קֵרוֹס, דיא קינדער פון סִיעֲהָא, דיא קינדער פון פָּדוֹן: 45 דיא קינדער פון לְבָנָה, דיא קינדער פון חֲגָבָה, דיא קינדער פון עַקּוּב: 46 דיא קינדער פון חָגָב, דיא קינדער פון שַׁמְלַי, דיא קינדער פון חָנָן: 47 דיא קינדער פון גִדֵּל, דיא קינדער פון גַחַר, דיא קינדער פון רְאָיָה: 48 דיא קינדער פון רְצִין, דיא קינדער פון נְקוֹדָא, דיא קינדער פון גַזָּם: 49 דיא קינדער פון עֻזָּא, דיא קינדער פון פָּסֵחַ, דיא קינדער פון בֵסָי: 50 דיא קינדער פון אַסְנָה, דיא קינדער פון מְעוּנִים, דיא קינדער פון נְפוּסִים: 51 דיא קינדער פון בַּקְבּוּק, דיא קינדער פון חֲקוּפָא, דיא קינדער פון חַרְחוּר: 52 דיא קינדער פון בַּצְלוּת, דיא קינדער פון מְחִידָא, דיא קינדער פון חַרְשָׁא: 53 דיא קינדער פון בַּרְקוֹס, דיא קינדער פון סִיסְרָא, דיא קינדער פון תָּמַח: 54 דיא קינדער פון נְצִיחַ, דיא קינדער פון חֲטִיפָא: 55 דיא קינדער פון דיא קנעכט פון שְׁלֹמֹה, דיא קינדער פון סוֹטַי, דיא קינדער פון הַסּוֹפֶרֶת, דיא קינדער פון פְּרוּדָא: 56 דיא קינדער פון יַעֲלָה, דיא קינדער פון דַרְקוֹן, דיא קינדער פון גִדֵּל: 57 דיא קינדער פון שְׁפַטְיָה, דיא קינדער פון חַטִּיל, דיא קינדער פון פֹּכֶרֶת הַצְּבָיִים, דיא קינדער פון אָמִי: 58 אַלע נְתִינִים אונד דיא קינדער פון שְׁלֹמֹה'ס קנעכט, זענען געוועזען דרייא הונדערט אונד צוויא אונד ניינציג: 59 אונד דאס זענען דיא דאזיגע וועלכע זענען ארויפגעגאנגען פון תֵּל־מֶלַח, תֵּל־חַרְשָׁא, כְּרוּב, אַדָּן, אִמֵּר; אָבער זייא האָבען ניט געקענט אנצייגען דאס הויז פון זייערע עלטערן, אונד זייער זאמען, אויב זייא זענען פון יִשְׂרָאֵל: 60 דיא קינדער פון דְלָיָה, דיא קינדער פון טוֹבִיָּה, דיא קינדער פון נְקוֹדָא, זעקס הונדערט אונד צוויא אונד פופציג: 61 אונד פון דיא קינדער פון דיא כֹּהֲנִים, דיא קינדער פון חֲבַיָּה, דיא קינדער פון הַקּוֹץ, דיא קינדער פון בַּרְזִלַּי, וועלכער האט גענומען א ווייב פון דיא טעכטער פון בַּרְזִלַּי

62 הַגִּלְעָדִ֖י אִשָּׁ֑ה וַיִּקָּרֵ֖א עַל־שְׁמָֽם׃ אֵ֗לֶּה בִּקְשׁ֧וּ כְתָבָ֛ם
63 הַמִּתְיַחְשִׂ֖ים וְלֹ֣א נִמְצָ֑אוּ וַֽיְגֹאֲל֖וּ מִן־הַכְּהֻנָּֽה׃ וַיֹּ֤אמֶר
הַתִּרְשָׁ֙תָא֙ לָהֶ֔ם אֲשֶׁ֥ר לֹא־יֹאכְל֖וּ מִקֹּ֣דֶשׁ הַקֳּדָשִׁ֑ים עַ֛ד
64 עֲמֹ֥ד כֹּהֵ֖ן לְאוּרִ֥ים וּלְתֻמִּֽים׃ כָּל־הַקָּהָ֖ל כְּאֶחָ֑ד אַרְבַּ֣ע
סה רִבּ֔וֹא אַלְפַּ֖יִם שְׁלֹשׁ־מֵא֥וֹת שִׁשִּֽׁים׃ מִלְּבַ֞ד עַבְדֵיהֶ֤ם
וְאַמְהֹֽתֵיהֶם֙ אֵ֔לֶּה שִׁבְעַ֣ת אֲלָפִ֔ים שְׁלֹ֥שׁ מֵא֖וֹת שְׁלֹשִׁ֣ים
66 וְשִׁבְעָ֑ה וְלָהֶ֣ם מְשֹׁרְרִ֔ים וּמְשֹׁרְר֖וֹת מָאתָֽיִם׃ סוּסֵיהֶ֕ם
שְׁבַ֥ע מֵא֖וֹת שְׁלֹשִׁ֣ים וְשִׁשָּׁ֑ה פִּרְדֵיהֶ֕ם מָאתַ֖יִם אַרְבָּעִ֥ים
67 וַחֲמִשָּֽׁה׃ גְּמַ֨לֵּיהֶ֔ם אַרְבַּ֥ע מֵא֖וֹת שְׁלֹשִׁ֣ים וַחֲמִשָּׁ֑ה חֲמֹרִ֕ים
68 שֵׁ֣שֶׁת אֲלָפִ֔ים שְׁבַ֥ע מֵא֖וֹת וְעֶשְׂרִֽים׃ וּמֵרָאשֵׁי֙ הָֽאָב֔וֹת
בְּבוֹאָ֕ם לְבֵ֥ית יְהוָ֖ה אֲשֶׁ֣ר בִּירוּשָׁלָ֑͏ִם הִֽתְנַדְּבוּ֙ לְבֵ֣ית הָאֱלֹהִ֔ים
69 לְהַעֲמִיד֖וֹ עַל־מְכוֹנֽוֹ׃ כְּכֹחָ֗ם נָתְנוּ֮ לְא֣וֹצַר הַמְּלָאכָה֒ זָהָ֗ב
דַּרְכְּמוֹנִים֙ שֵׁשׁ־רִבֹּ֔אות וָאֶ֑לֶף וְכֶ֗סֶף מָנִ֛ים חֲמֵ֥שֶׁת אֲלָפִ֖ים
ע וְכָתְנֹ֥ת כֹּהֲנִ֖ים מֵאָֽה׃ וַיֵּשְׁב֣וּ הַכֹּהֲנִ֣ים וְ֠הַלְוִיִּם וּמִן־
הָעָ֨ם וְהַמְשֹׁרְרִ֧ים וְהַשּׁוֹעֲרִ֛ים וְהַנְּתִינִ֖ים בְּעָרֵיהֶ֑ם וְכָל־
יִשְׂרָאֵ֖ל בְּעָרֵיהֶֽם׃

ג ג

א וַיִּגַּע֙ הַחֹ֣דֶשׁ הַשְּׁבִיעִ֔י וּבְנֵ֥י יִשְׂרָאֵ֖ל בֶּעָרִ֑ים וַיֵּאָסְפ֥וּ הָעָ֛ם
2 כְּאִ֥ישׁ אֶחָ֖ד אֶל־יְרוּשָׁלָֽ͏ִם׃ וַיָּקָם֩ יֵשׁ֨וּעַ בֶּן־יֽוֹצָדָ֜ק וְאֶחָ֣יו
הַכֹּהֲנִ֗ים וּזְרֻבָּבֶ֤ל בֶּן־שְׁאַלְתִּיאֵל֙ וְאֶחָ֔יו וַיִּבְנ֕וּ אֶת־מִזְבַּ֖ח
אֱלֹהֵ֣י יִשְׂרָאֵ֑ל לְהַעֲל֤וֹת עָלָיו֙ עֹל֔וֹת כַּכָּת֕וּב בְּתוֹרַ֖ת מֹשֶׁ֥ה
3 אִישׁ־הָאֱלֹהִֽים׃ וַיָּכִ֤ינוּ הַמִּזְבֵּ֙חַ֙ עַל־מְכ֣וֹנֹתָ֔יו כִּ֚י בְּאֵימָ֣ה
עֲלֵיהֶ֔ם מֵעַמֵּ֖י הָאֲרָצ֑וֹת וַיַּעַל֩ עָלָ֨יו עֹל֜וֹת לַֽיהוָ֗ה עֹל֛וֹת
4 לַבֹּ֖קֶר וְלָעָֽרֶב׃ וַֽיַּעֲשׂ֛וּ אֶת־חַ֥ג הַסֻּכּ֖וֹת כַּכָּת֑וּב וְעֹלַ֨ת י֤וֹם
ה בְּיוֹם֙ בְּמִסְפָּ֔ר כְּמִשְׁפַּ֖ט דְּבַר־י֥וֹם בְּיוֹמֽוֹ׃ וְאַחֲרֵי־כֵ֞ן עֹלַ֤ת
תָּמִיד֙ וְלֶ֣חֳדָשִׁ֔ים וּֽלְכָל־מוֹעֲדֵ֥י יְהוָ֖ה הַמְקֻדָּשִׁ֑ים וּלְכֹ֛ל
6 מִתְנַדֵּ֥ב נְדָבָ֖ה לַֽיהוָֽה׃ מִיּ֣וֹם אֶחָ֗ד לַחֹ֙דֶשׁ֙ הַשְּׁבִיעִ֔י הֵחֵ֕לּוּ

הַגִּלְעָדִי, אוּנְד עֶר אִיז גֶערוּפֶען גֶעוָוארֶען נָאךְ זֵייעֶר נָאמֶען: 62 דִיא דָאזִיגֶע הָאבֶּען גֶעזוּכְט זֵייעֶר יִחוּס בְּרִיף, אָבֶּער זֵייא הָאבֶּען זֵייא נִיט גֶעפוּנֶען, דָארוּם זֶענֶען זֵייא גֶעוֶועזֶען וִויא פֶערְאוּמְוֶוערְדִיגְט צוּ דִיא כְּהוּנָה: 63 אוּנְד דֶער תִּרְשָׁתָא הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, אַז זֵייא טָארֶען נִיט עֶסֶען פוּן דֶעם קָדְשֵׁי קָדָשִׁים בִּיז אַ כֹּהֵן וֶועט אוֹיפְשְׁטֶעהְן מִיט דִיא אוּרִים אוּנְד תּוּמִים: 64 דִיא גַאנְצֶע פֶערְזַאמְלוּנְג אִין אֵיינֶעם אִיז גֶעוֶועזֶען צְוֵוייא אוּנְד פִירְצִיג טוֹיזֶענְד דְרֵייא הוּנְדֶערְט אוּנְד זֶעכְצִיג: 65 חוּץ זֵייעֶרֶע קְנֶעכְט אוּנְד זֵייעֶרֶע דִינְסְט־מֶעדְען, דִיזֶע זֶענֶען גֶעוֶועזֶען זִיבֶּען טוֹיזֶענְד דְרֵייא הוּנְדֶערְט אוּנְד זִיבֶּען אוּנְד דְרֵייסִיג, אוּנְד צְוִוישֶׁען זֵייא זֶענֶען גֶעוֶועזֶען צְוֵוייא הוּנְדֶערְט זִינְגֶערְס אוּנְד זִינְגֶערִינְס: 66 זֵייעֶרֶע פֶערְד זֶענֶען גֶעוֶועזֶען זִיבֶּען הוּנְדֶערְט אוּנְד זֶעכְס אוּנְד דְרֵייסִיג, אוּנְד צְוֵוייא הוּנְדֶערְט אוּנְד פִינְף אוּנְד פִירְצִיג מוֹילְ־עֶזֶעל: 67 זֵייעֶרֶע קֶעמֶעל פִיעֶר הוּנְדֶערְט אוּנְד פִינְף אוּנְד דְרֵייסִיג, אוּנְד זֵייעֶרֶע עֶזֶעל זֶעכְס טוֹיזֶענְד זִיבֶּען הוּנְדֶערְט אוּנְד צְוַואנְצִיג: 68 אוּנְד עֶטְלִיכֶע פוּן דִיא רָאשֵׁי הָאָבוֹת וָואס זֶענֶען גֶעקוּמֶען צוּ דֶעם הַאר'ס הוֹיז וָואס אִיז אִין יְרוּשָׁלַיִם, הָאבֶּען מְנַדֵב גֶעוֶועזֶען צוּ דֶעם הוֹיז פוּן גָאט כְּדֵי עֶס (וִוידֶער) אוֹיפְצוּשְׁטֶעלֶען אוֹיף זֵיינֶער שְׁטֶעל: 69 זֵייא הָאבֶּען גֶעגֶעבֶּען נָאךְ זֵייעֶר כֹּחַ צוּ דֶעם אוֹצָר פוּן דֶער מְלָאכָה אֵיין אוּנְד זֶעכְצִיג טוֹיזֶענְד דַרְכְּמוֹנִים גָאלְד, אוּנְד פִינְף טוֹיזֶענְד מָנִים זִילְבֶּער, אוּנְד אֵיין הוּנְדֶערְט לֵייבּ־רֶעק פַאר דִיא כֹּהֲנִים: 70 אוּנְד אַזוֹי הָאבֶּען דִיא כֹּהֲנִים אוּנְד דִיא לְוִיִּם, אוּנְד עֶטְלִיכֶע פוּן דֶעם פָאלְק, אוּנְד דִיא זִינְגֶערְס, אוּנְד דִיא טוֹיעֶר הִיטֶערְס, אוּנְד דִיא נְתִינִים גֶעוָואוֹינְט אִין זֵייעֶרֶע שְׁטֶעט, אוּנְד גַאנְץ יִשְׂרָאֵל אִין זֵייעֶרֶע שְׁטֶעט:

קאפיטעל ג

1 אוּנְד וֶוען דֶער זִיבֶּעטֶער חֹדֶשׁ אִיז אָנְגֶעקוּמֶען, אוּנְד דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל זֶענֶען גֶעוֶועזֶען אִין זֵייעֶרֶע שְׁטֶעט, אַזוֹי הָאט זִיךְ דָאס פָאלְק פֶערְזַאמֶעלְט אַזוֹי וִויא אֵיין מַאן קֵיין יְרוּשָׁלַיִם: 2 אַזוֹי אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען יֵשׁוּעַ זוּהְן פוּן יוֹצָדָק אוּנְד זֵיינֶע בְּרִידֶער דִיא כֹּהֲנִים, אוּנְד זְרוּבָּבֶל זוּהְן פוּן שְׁאַלְתִּיאֵל אוּנְד זֵיינֶע בְּרִידֶער, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אוֹיפְגֶעבּוֹיעט דֶעם מִזְבֵּחַ פוּן דֶעם גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל, אוֹיף אִיהם מַקְרִיב צוּ זֵיין דִיא קָרְבָּן עֹלוֹת, אַזוֹי וִויא עֶס שְׁטֶעהְט גֶעשְׁרִיבֶּען אִין תּוֹרַת מֹשֶׁה, דֶעם גֶעטְלִיכֶען מַאן: 3 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אַנְגֶעגְרֵייט דֶעם מִזְבֵּחַ אוֹיף זֵיינֶע שְׁטֶעל, וָוארִין עֶס אִיז אוֹיף זֵייא גֶעוֶועזֶען אַ מוֹרָא פוּן וֶועגֶען דִיא פֶעלְקֶער פוּן דִיא לֶענְדֶער, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אוֹיף אִיהם מַקְרִיב גֶעוֶועזֶען דִיא קָרְבָּן עֹלוֹת צוּ דֶעם הַאר אִיטְלִיכֶען מָארְגֶען אוּנְד אָבֶּענְד: 4 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעהַאלְטֶען דֶעם חַג הַסֻּכּוֹת אַזוֹי וִויא עֶס שְׁטֶעהְט גֶעשְׁרִיבֶּען, אוּנְד דָאס טֶעגְלִיכֶע קָרְבָּן עֹלָה נָאךְ דֶער צָאל, נָאךְ דֶעם רֶעכְט פוּן (אִיטְלִיכֶער) זַאךְ פוּן אִיטְלִיכֶען טָאג: 5 אוּנְד נָאכְדֶעם הָאבֶּען זֵייא מַקְרִיב גֶעוֶועזֶען דָאס בֶּעשְׁטֶענְדִיגֶע בְּרַאנְדְאָפְּפֶער פַאר אִיטְלִיכֶען רֹאשׁ חֹדֶשׁ אוּנְד פַאר אִיטְלִיכֶען הֵיילִיגֶען יוֹם טוֹב פוּן דֶעם הַאר, אוּנְד פוּן אִיטְלִיכֶען וָואס הָאט מְנַדֵב גֶעוֶועזֶען אַ נְדָבָה פַאר דֶעם הַאר: 6 פוּן דֶעם עֶרְשְׁטֶען טָאג פוּן דֶעם זִיבֶּעטֶען חֹדֶשׁ אָן הָאבֶּען זֵייא אָנְגֶעהוֹיבֶּען

מקריב

להעלות עלות ליהוה והיכל יהוה לא יסד: ויתנו־כסף 7
לחצבים ולחרשים ומאכל ומשתה ושמן לצדנים ולצרים
להביא עצי ארזים מן־הלבנון אל־ים יפוא כרשיון
כורש מלך־פרס עליהם: ובשנה השנית לבואם 8
אל־בית האלהים לירושלם בחדש השני החלו זרבבל
בן־שאלתיאל וישוע בן־יוצדק ושאר אחיהם | הכהנים
והלוים וכל־הבאים מהשבי ירושלם ויעמידו את־הלוים
מבן עשרים שנה ומעלה לנצח על־מלאכת בית־יהוה:
ויעמד ישוע בניו ואחיו קדמיאל ובניו בני־יהודה כאחד 9
לנצח על־עשה המלאכה בבית האלהים בני חנדד
בניהם ואחיהם הלוים: ויסדו הבנים את־היכל יהוה 10
ויעמידו הכהנים מלבשים בחצצרות והלוים בני־אסף
במצלתים להלל את־יהוה על־ידי דויד מלך־ישראל:
ויענו בהלל ובהודת ליהוה כי טוב כי־לעולם חסדו 11
על־ישראל וכל־העם הריעו תרועה גדולה בהלל ליהוה
על הוסד בית־יהוה: ורבים מהכהנים והלוים וראשי 12
האבות הזקנים אשר ראו את־הבית הראשון ביסדו זה
הבית בעיניהם בכים בקול גדול ורבים בתרועה בשמחה
להרים קול: ואין העם מכירים קול תרועת השמחה 13
לקול בכי העם כי העם מריעים תרועה גדולה והקול
נשמע עד־למרחוק:

ד

וישמעו צרי יהודה ובנימן כי־בני הגולה בונים היכל א
ליהוה אלהי ישראל: ויגשו אל־זרבבל ואל־ראשי 2
האבות ויאמרו להם נבנה עמכם כי ככם נדרוש
לאלהיכם ולא | אנחנו זבחים מימי אסר חדן מלך אשור
המעלה אתנו פה: ויאמר להם זרבבל וישוע ושאר 3

מַקְרִיב צוּ זַיין דִיא קָרְבָּן עוֹלוֹת צוּ דֶעם הַאר, אוּנְד דֶעם הַאר׳ס הֵיכָל אִיז נָאךְ נִיט גֶעגְרוּנְדֶעט גֶעוָוארֶען: 7 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעגֶעבֶּען דָאס גֶעלְד צוּ דִיא שְׁטֵיין הַאקֶערְס אוּנְד צוּ דִיא מֵייסְטֶערְס, אוּנְד עֶסֶען אוּנְד טְרִינְקֶען, אוּנְד עֶהְל צוּ דִיא צִדֹנִים אוּנְד צוּ דִיא צֹרִים, כְּדֵי צוּ בְּרֶענְגֶען טֶענֶענְבֵּיימֶער פוּן דֶעם לְבָנוֹן צוּ דֶעם יַם פוּן יָפוֹא נָאךְ דֶעם רְשׁוּת פוּן כּוֹרֶשׁ מֶלֶךְ פָּרַס וָואס אִיז גֶעוֶועזֶען צוּ זֵייא: 8 אוּנְד אִין דֶעם צְוֵוייטֶען יָאהְר פוּן זֵייעֶר אָנְקוּמֶען צוּ גָאט׳ס הוֹיז אִין יְרוּשָׁלַיִם, אִין דֶעם צְוֵוייטֶען חֹדֶשׁ, הָאבֶּען אָנְגֶעהוֹיבֶּען זְרֻבָּבֶל זוּהְן פוּן שְׁאַלְתִּיאֵל אוּנְד יֵשׁוּעַ זוּהְן פוּן יוֹצָדָק, אוּנְד זֵיירֶע אִיבְּרִיגֶע קִינְדֶער, דִיא כֹּהֲנִים אוּנְד דִיא לְוִיִּם, אוּנְד אַלֶע וָואס זֶענֶען צוּרִיקְגֶעקוּמֶען פוּן דֶער גֶעפַאנְגֶענְשַׁאפְט קֵיין יְרוּשָׁלַיִם, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אָנְגֶעשְׁטֶעלְט דִיא לְוִיִּם פוּן צְוַואנְצִיג יָאהְר אָן אוּנְד דַארִיבֶּער, אַלְס אוֹיפְזֶעהֶער אִיבֶּער דֶער אַרְבֵּייט פוּן דֶעם הַאר׳ס הוֹיז: 9 אוּנְד עֶס הָאבֶּען זִיךְ אַהִינְגֶעשְׁטֶעלְט יֵשׁוּעַ, זֵיינֶע זִיהְן אוּנְד זֵיינֶע בְּרִידֶער, קַדְמִיאֵל אוּנְד זֵיינֶע זִיהְן, דִיא קִינְדֶער פוּן יְהוּדָה, אַזוֹי וִויא אֵיין מַאן אַלְס אוֹיפְזֶעהֶער אִיבֶּער דִיא וָואס הָאבֶּען גֶעטְהוּן דִיא אַרְבֵּייט אִין גָאט׳ס הוֹיז, דִיא זִיהְן פוּן חֵנָדָד, זֵיירֶע זִיהְן אוּנְד זֵיירֶע בְּרִידֶער דִיא לְוִיִּם: 10 אוּנְד וֶוען דִיא בּוֹיעֶרְס הָאבֶּען גֶעלֶעגְט דֶעם גְרוּנְד פוּן דֶעם הַאר׳ס הֵיכָל אַזוֹי הָאבֶּען זִיךְ דִיא כֹּהֲנִים גֶעשְׁטֶעלְט אִין זֵיירֶע כֹּהֲנִישֶׁע קְלֵיידֶער מִיט טְרָאמְפֶּעטֶען, אוּנְד דִיא לְוִיִּם, דִיא זִיהְן פוּן אָסָף, מִיט דִיא צִימְבֶּעלְן כְּדֵי דֶעם הַאר צוּ לוֹיבֶּען נָאךְ דֶער אָרְדְנוּנְג פוּן דָוִד מֶלֶךְ פוּן יִשְׂרָאֵל: 11 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען צוּזַאמֶען גֶעזוּנְגֶען אוּנְד גֶעלוֹיבְּט דֶעם הַאר וָוארִין עֶר אִיז גוּט, וָוארִין זַיין חֶסֶד גֶעדוֹיעֶרְט בִּיז אוֹיף עֶבִּיג אִיבֶּער יִשְׂרָאֵל, אוּנְד דָאס גַאנְצֶע פָאלְק הָאבֶּען גֶעשְׁרִיגֶען מִיט אַ גְרוֹיס גֶעשְׁרַייא, מִיט לוֹיבּ צוּ דֶעם הַאר פוּן וֶועגֶען דֶער גְרוּנְד לֶעגוּנְג פוּן דֶעם הַאר׳ס הוֹיז: 12 אוּנְד פִילֶע פוּן דִיא אַלְטֶע כֹּהֲנִים אוּנְד לְוִיִּם אוּנְד דִיא רָאשֵׁי הָאָבוֹת וָואס הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען מִיט זֵיירֶע אוֹיגֶען דָאס עֶרְשְׁטֶע בֵּית הַמִּקְדָּשׁ, אוּנְד דִיא גְרוּנְד לֶעגוּנְג פוּן דֶעם דָאזִיגֶען הוֹיז, אַזוֹי הָאבֶּען זֵייא גֶעוֵויינְט מִיט אַ גְרוֹיס קוֹל, אוּנְד פִילֶע הָאבֶּען גֶעשַׁאלְט אוּנְד אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען דָאס קוֹל מִיט שִׂמְחָה: 13 אוּנְד דָאס פָאלְק הָאט נִיט דֶערְקֶענְט צְוִוישֶׁען דֶעם שַׁאל פוּן פְרֵייד אוּנְד דֶעם קוֹל פוּן גֶעוֵויין פוּן דֶעם פָאלְק, וָוארִין דָאס פָאלְק הָאט גֶעשְׁרִיגֶען מִיט אַ גְרוֹיסֶען שַׁאל, אַזוֹי דָאס זֵייעֶר קוֹל אִיז גֶעהֶערְט גֶעוָוארֶען פוּן דֶער ווַייטֶען:

## קאפיטעל ד

1 אוּנְד וֶוען דִיא פֵיינְד פוּן יְהוּדָה אוּנְד בִּנְיָמִין הָאבֶּען גֶעהֶערְט אַז דִיא קִינְדֶער פוּן דֶעם גָלוּת בּוֹיעֶן דֶעם הֵיכָל פוּן דֶעם הַאר דֶעם גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל: 2 אַזוֹי הָאבֶּען זֵייא זִיךְ גֶע־נֶעהְנְט צוּ זְרֻבָּבֶל אוּנְד צוּ דִיא רָאשֵׁי הָאָבוֹת, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, מִיר וֶועלֶען מִיט אֵייךְ בּוֹיעֶן, וָוארִין מִיר וִוילֶען אַזוֹי גוּט וִויא אִיהְר אֵיירֶען גָאט זוּכֶען, אוּנְד מִיר הָאבֶּען צוּ אִיהְם מַקְרִיב גֶעוֶועזֶען קָרְבָּנוֹת פוּן דִיא טֶעג אָן וֶוען אֵסַר חַדּוֹן מֶלֶךְ פוּן אַשּׁוּר הָאט אוּנְס דָא אַרוֹיפְגֶעבְּרַאכְט: 3 אָבֶּער זְרֻבָּבֶל אוּנְד יֵשׁוּעַ, אוּנְד דִיא אִיבְּרִיגֶע

רָאשֵׁי הָאָבוֹת לְיִשְׂרָאֵל לֹא־לָכֶם וָלָנוּ לִבְנוֹת בַּיִת
לֵאלֹהֵינוּ כִּי אֲנַחְנוּ יַחַד נִבְנֶה לַיהוָה אֱלֹהֵי יִשְׂרָאֵל כַּאֲשֶׁר
4 צִוָּנוּ הַמֶּלֶךְ כּוֹרֶשׁ מֶלֶךְ־פָּרָס׃ וַיְהִי עַם־הָאָרֶץ מְרַפִּים
ה יְדֵי עַם־יְהוּדָה וּמְבַלְּהִים אוֹתָם לִבְנוֹת׃ וְסֹכְרִים עֲלֵיהֶם
יוֹעֲצִים לְהָפֵר עֲצָתָם כָּל־יְמֵי כּוֹרֶשׁ מֶלֶךְ פָּרַס וְעַד־
6 מַלְכוּת דָּרְיָוֶשׁ מֶלֶךְ־פָּרָס׃ וּבְמַלְכוּת אֲחַשְׁוֵרוֹשׁ
בִּתְחִלַּת מַלְכוּתוֹ כָּתְבוּ שִׂטְנָה עַל־יֹשְׁבֵי יְהוּדָה וִירוּשָׁלִָם׃
7 וּבִימֵי אַרְתַּחְשַׁשְׂתָּא כָּתַב בִּשְׁלָם מִתְרְדָת טָבְאֵל
וּשְׁאָר כְּנָוֺתָו עַל־אַרְתַּחְשַׁשְׂתָּא מֶלֶךְ פָּרָס וּכְתָב הַנִּשְׁתְּוָן
8 כָּתוּב אֲרָמִית וּמְתֻרְגָּם אֲרָמִית׃ רְחוּם בְּעֵל־
טְעֵם וְשִׁמְשַׁי סָפְרָא כְּתַבוּ אִגְּרָה חֲדָה עַל־יְרוּשְׁלֶם
9 לְאַרְתַּחְשַׁשְׂתְּא מַלְכָּא כְּנֵמָא׃ אֱדַיִן רְחוּם בְּעֵל־טְעֵם
וְשִׁמְשַׁי סָפְרָא וּשְׁאָר כְּנָוָתְהוֹן דִּינָיֵא וַאֲפַרְסַתְכָיֵא
טַרְפְּלָיֵא אֲפָרְסָיֵא אַרְכְּוָי בָבְלָיֵא שׁוּשַׁנְכָיֵא דֶּהָוֵא
י עֵלְמָיֵא׃ וּשְׁאָר אֻמַּיָּא דִּי הַגְלִי אָסְנַפַּר רַבָּא וְיַקִּירָא
וְהוֹתֵב הִמּוֹ בְּקִרְיָה דִּי שָׁמְרָיִן וּשְׁאָר עֲבַר־נַהֲרָה וּכְעֶנֶת׃
11 דְּנָה פַּרְשֶׁגֶן אִגַּרְתָּא דִּי שְׁלַחוּ עֲלוֹהִי עַל־
אַרְתַּחְשַׁשְׂתְּא מַלְכָּא עַבְדָיךְ אֱנָשׁ עֲבַר־נַהֲרָה וּכְעֶנֶת׃
12 יְדִיעַ לֶהֱוֵא לְמַלְכָּא דִּי יְהוּדָיֵא דִּי סְלִקוּ מִן־לְוָתָךְ
עֲלֶינָא אֲתוֹ לִירוּשְׁלֶם קִרְיְתָא מָרָדְתָּא וּבִאישְׁתָּא בָּנַיִן
13 וְשׁוּרַיָּא אשכללו וְאֻשַּׁיָּא יַחִיטוּ׃ כְּעַן יְדִיעַ לֶהֱוֵא לְמַלְכָּא
דִּי הֵן קִרְיְתָא דָךְ תִּתְבְּנֵא וְשׁוּרַיָּה יִשְׁתַּכְלְלוּן מִנְדָּה
14 בְלוֹ וַהֲלָךְ לָא יִנְתְּנוּן וְאַפְּתֹם מַלְכִים תְּהַנְזִק׃ כְּעַן כָּל־
קֳבֵל דִּי־מְלַח הֵיכְלָא מְלַחְנָא וְעַרְוַת מַלְכָּא לָא אֲרִיךְ
טו לָנָא לְמֶחֱזֵא עַל־דְּנָה שְׁלַחְנָא וְהוֹדַעְנָא לְמַלְכָּא׃ דִּי
יְבַקַּר בִּסְפַר־דָּכְרָנַיָּא דִּי אֲבָהָתָךְ וּתְהַשְׁכַּח בִּסְפַר

רָאשֵׁי הָאָבוֹת פוּן יִשְׂרָאֵל הָאבֶּען צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, מִיר הָאבֶּען גָארְנִיט מִיט אֵיינַאנְדֶער צוּ טְהוּן (צוּזַאמֶען) צוּ בּוֹיעֶן דָאס הוֹיז פוּן אוּנְזֶער גָאט, נֵייעֶרְט מִיר וֶועלֶען גַאנְץ אַלֵיין בּוֹיעֶן צוּ דֶעם הַאר דֶעם גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל, אַזוֹי וִויא כּוֹרֶשׁ הַמֶּלֶךְ הָאט אוּנְס גֶעבָּאטֶען: 4 אוּנְד דָאס פָאלְק פוּן דֶעם לַאנְד הָאט שְׁלַאף גֶעמַאכְט דִיא הֶענְד פוּן דֶעם פָאלְק פוּן יְהוּדָה, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זֵייא דֶערְשְׁרָאקֶען בֵּייא דֶעם בּוֹיעֶן: 5 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זִיךְ גֶעדוּנְגֶען עֵצָה גֶעבֶּערְס כְּדֵי צוּ פֶערְשְׁטֶערֶען זֵייעֶרֶע עֵצוֹת אַלֶע טֶעג פוּן כּוֹרֶשׁ מֶלֶךְ פוּן פָּרַס, בִּיז צוּ דֶעם מַלְכוּת פוּן דָרְיָוֶשׁ מֶלֶךְ פוּן פָּרַס: 6 אוּנְד אִין דֶעם אָנְהוֹיבּ פוּן דֶער רֶעגִירוּנְג פוּן דֶעם מֶלֶךְ אֲחַשְׁוֵרוֹשׁ הָאבֶּען זֵייא גֶעשְׁרִיבֶּען אֵיינֶע אָנְקְלָאג אִיבֶּער דִיא בֶּעוְואוֹינֶערְס פוּן יְהוּדָה אוּנְד יְרוּשָׁלַיִם: 7 אוּנְד אִין דִיא טֶעג פוּן אַרְתַּחְשַׁשְׂתָּא הָאבֶּען בִּשְׁלָם, מִתְרְדָת, טָבְאֵל אוּנְד דִיא אִיבְּרִיגֶע פוּן זֵיינֶע חֲבֵרִים גֶעשְׁרִיבֶּען צוּ אַרְתַּחְשַׁשְׂתָּא מֶלֶךְ פוּן פָּרַס, אוּנְד דִיא גֶעשְׁרִיפְט פוּן דֶעם בְּרִיף אִיז גֶעוֶועזֶען אוֹיף אֲרָמִית, אוּנְד דֶער תַּרְגֻּם דֶערְפוּן אִיז אוֹיךְ גֶעוֶועזֶען אוֹיף אֲרָמִית: 8 רְחוּם דֶער בַּעַל עֵצָה אוּנְד שִׁמְשַׁי דֶער סוֹפֵר הָאבֶּען גֶעשְׁרִיבֶּען אַ בְּרִיף קֶעגֶען יְרוּשָׁלַיִם צוּ אַרְתַּחְשַׁשְׂתָּא דֶעם מֶלֶךְ נָאךְ דֶעם אוֹפָן: 9 דֶענְסְמָאל הָאט רְחוּם דֶער בַּעַל עֵצָה אוּנְד שִׁמְשַׁי דֶער סוֹפֵר אוּנְד דִיא אִיבְּרִיגֶע פוּן זֵיינֶע חַבְרוּתָה, דִיא דִינָיִם, אוּנְד דִיא אֲפַרְסַתְכָיִם, אוּנְד דִיא טַרְפְּלָיִם, אוּנְד דִיא אֲפָרְסִים, אוּנְד דִיא אַרְכְּוָיִם, אוּנְד דִיא בַּבְלָיִם, אוּנְד דִיא שׁוּשַׁנְכָיִם, אוּנְד דִיא דֶהָוִים, אוּנְד דִיא עֵלָמִים: 10 אוּנְד דִיא אִיבְּרִיגֶע פֶעלְקֶער וָואס דֶער גְרוֹיסֶער אוּנְד טֵייעֶרֶער אָסְנַפַּר הָאט אַרִיבֶּערְגֶעבְּרַאכְט אוּנְד הָאט זֵייא בֶּעזֶעצְט אִין דִיא שְׁטֶעט פוּן שֹׁמְרוֹן, אוּנְד אִין דִיא אִיבְּרִיגֶע (גֶעגֶענְד) וָואס זֶענֶען אַן דֶער זֵייט פוּן דֶעם טֵייךְ (פְּרָת) אוּנְד בֵּייא כְּעֶנֶת: 11 דָאס אִיז דִיא אָפְּשְׁרִיפְט פוּן דֶעם בְּרִיף וָואס זֵייא הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעשִׁיקְט, צוּ אַרְתַּחְשַׁשְׂתָּא דֶעם מֶלֶךְ; דֵיינֶע קְנֶעכְט דִיא מֶענֶער פוּן דֶער זֵייט פוּן דֶעם טֵייךְ כְּעֶנֶת: 12 לָאז עֶס צוּ דֶעם מֶלֶךְ בֶּעוְואוּסְט זֵיין אַז דִיא יוּדֶען וָואס זֶענֶען פוּן דִיר אַרוֹיפְגֶעקוּמֶען צוּ אוּנְס זֶענֶען גֶעקוּמֶען קֵיין יְרוּשָׁלַיִם דִיא שְׁלֶעכְטֶע שְׁטָאט וָואס הָאט מוֹרֵד גֶעוֶועזֶען, דִיא בּוֹיעֶן זֵייא, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעלֶעגְט דֶעם גְרוּנְד פוּן דִיא מוֹיעֶרְן, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען דֶעם גְרוּנְד צוּזַאמֶען בֶּעהֶעפְט: 13 אַצוּנְד לָאז עֶס בֶּעוְואוּסְט וֶוערֶען צוּ דֶעם מֶלֶךְ, אַז וֶוען דֶער גְרוּנְד פוּן דִיא דָאזִיגֶע שְׁטָאט אוּנְד דִיא מוֹיעֶרְן וֶועלֶען ווִידֶער אוֹיפְגֶעשְׁטֶעלְט וֶוערֶען אַזוֹי וֶועלֶען זֵייא נִיט וֶועלֶען בֶּעצָאלֶען דֶעם מַס פוּן אִיטְלִיכֶען וָואס גֶעהְט אוֹיף דֶעם וֶועג, אוּנְד אַזוֹי וֶועט דֶער מַס פַאר דִיא מְלָכִים פֶערְלוֹירֶען וֶוערֶען: 14 אַצוּנְד ווֵייל מִיר הָאבֶּען אֵיין אֵיינְקוּמֶען פוּן דֶעם מֶלֶךְ'ס פַּאלַאסְט, אוּנְד עֶס אִיז נִיט רֶעכְט אַז מִיר זָאלֶען עֶס זֶעהֶען אוּנְד דֶערְצוּ שְׁווֵייגֶען, דָארִיבֶּער הָאבֶּען מִיר גֶעשִׁיקְט אוּנְד הָאבֶּען עֶס דֶעם מֶלֶךְ צוּ ווִיסֶען גֶעטְהוּן: 15 אַז וֶוען מֶען וֶועט נָאכְפָארְשֶׁען אִין דֶעם סֵפֶר זִכְרוֹנוֹת פוּן דֵיינֶע פֶעטֶער, אַזוֹי וֶועט מֶען גֶעפִינֶען אִין דֶעם סֵפֶר זִכְרוֹנוֹת,

אוּנְד

דִּכְרָנַיָּא וְתִנְדַּע דִּי קִרְיְתָא דָךְ קִרְיָא מָרָדָא וּמְהַנְזְקַת
מַלְכִין וּמְדִנָן וְאֶשְׁתַּדּוּר עָבְדִין בְּגַוַּהּ מִן־יוֹמָת עָלְמָא עַל־
דְּנָה קִרְיְתָא דָךְ הָחָרְבַת׃ מְהוֹדְעִין אֲנַחְנָה לְמַלְכָּא דִּי 16
הֵן קִרְיְתָא דָךְ תִּתְבְּנֵא וְשׁוּרַיָּה יִשְׁתַּכְלְלוּן לָקֳבֵל דְּנָה
חֲלָק בַּעֲבַר נַהֲרָא לָא אִיתַי לָךְ׃ פִּתְגָמָא שְׁלַח 17
מַלְכָּא עַל־רְחוּם בְּעֵל־טְעֵם וְשִׁמְשַׁי סָפְרָא וּשְׁאָר כְּנָוָתְהוֹן
דִּי יָתְבִין בְּשָׁמְרָיִן וּשְׁאָר עֲבַר־נַהֲרָה שְׁלָם וּכְעֶת׃ נִשְׁתְּוָנָא 18
דִּי־שְׁלַחְתּוּן עֲלֶינָא מְפָרַשׁ קֱרִי קָדָמָי׃ וּמִנִּי שִׂים טְעֵם 19
וּבַקַּרוּ וְהַשְׁכַּחוּ דִּי קִרְיְתָא דָךְ מִן־יוֹמָת עָלְמָא עַל־מַלְכִין
מִתְנַשְּׂאָה וּמְרַד וְאֶשְׁתַּדּוּר מִתְעֲבֶד־בַּהּ׃ וּמַלְכִין תַּקִּיפִין כ
הֲווֹ עַל־יְרוּשְׁלֶם וְשַׁלִּיטִין בְּכֹל עֲבַר נַהֲרָה וּמִדָּה בְלוֹ
וַהֲלָךְ מִתְיְהֵב לְהוֹן׃ כְּעַן שִׂימוּ טְעֵם לְבַטָּלָא גֻּבְרַיָּא 21
אִלֵּךְ וְקִרְיְתָא דָךְ לָא תִתְבְּנֵא עַד־מִנִּי טַעְמָא יִתְּשָׂם׃
וּזְהִירִין הֱווֹ שָׁלוּ לְמֶעְבַּד עַל־דְּנָה לְמָה יִשְׂגֵּא חֲבָלָא 22
לְהַנְזָקַת מַלְכִין׃ אֱדַיִן מִן־דִּי פַּרְשֶׁגֶן נִשְׁתְּוָנָא דִּי 23
אַרְתַּחְשַׁשְׂתְּא מַלְכָּא קֱרִי קֳדָם־רְחוּם וְשִׁמְשַׁי סָפְרָא
וּכְנָוָתְהוֹן אֲזַלוּ בִבְהִילוּ לִירוּשְׁלֶם עַל־יְהוּדָיֵא וּבַטִּלוּ הִמּוֹ
בְּאֶדְרָע וְחָיִל׃ בֵּאדַיִן בְּטֵלַת עֲבִידַת בֵּית־אֱלָהָא דִּי 24
בִּירוּשְׁלֶם וַהֲוָת בָּטְלָא עַד שְׁנַת תַּרְתֵּין לְמַלְכוּת דָּרְיָוֶשׁ
מֶלֶךְ־פָּרָס׃

ה

וְהִתְנַבִּי חַגַּי נְבִיָּאה וּזְכַרְיָה בַר־עִדּוֹא נְבִיַּיָּא עַל־יְהוּדָיֵא א
דִּי בִיהוּד וּבִירוּשְׁלֶם בְּשֻׁם אֱלָהּ יִשְׂרָאֵל עֲלֵיהוֹן׃ בֵּאדַיִן 2
קָמוּ זְרֻבָּבֶל בַּר־שְׁאַלְתִּיאֵל וְיֵשׁוּעַ בַּר־יוֹצָדָק וְשָׁרִיו לְמִבְנֵא
בֵּית אֱלָהָא דִּי בִירוּשְׁלֶם וְעִמְּהוֹן נְבִיַּיָּא דִי־אֱלָהָא
מְסָעֲדִין לְהוֹן׃ בֵּהּ־זִמְנָא אֲתָא עֲלֵיהוֹן תַּתְּנַי פַּחַת עֲבַר־ 3
נַהֲרָה וּשְׁתַר בּוֹזְנַי וּכְנָוָתְהוֹן וְכֵן אָמְרִין לְהֹם מַן־שָׂם

אוּנְד דוּא וֶועסְט ווִיסֶען אַז דִיא דָאזִיגֶע שְׁטָאט הָאט מוֹרֵד גֶעוֶועזֶען, אוּנְד זִיא הָאט שְׁלֶעכְטֶעס גֶעטְהוּן צוּ דִיא מְלָכִים אוּנְד צוּ דִיא מְדִינוֹת, אוּנְד אַז מְרִידוֹת זֶענֶען אִין אִיהְר גֶעטְהוּן גֶעוָוארֶען פוּן דֶער אַלְטֶע צֵייט הֶער, אִיבֶּער דֶעם אִיז דִיא דָאזִיגֶע שְׁטָאט חָרוּב גֶעוָוארֶען׃
16 מִיר לָאזֶען דֶעם מֶלֶךְ צוּ ווִיסֶען טְהוּן, דָאס וֶוען דִיא דָאזִיגֶע שְׁטָאט זָאל ווִידֶער אוֹיפְגֶעבּוֹיעֶט וֶוערֶען, אוּנְד אִיהְרֶע מוֹיעֶרְן גֶעגְרוּנְדֶעט וֶוערֶען, אַז דוּא וֶועסְט וֶועגֶען דֶעם נִיט מֶעהְר הָאבֶּען קֵיין חֵלֶק אַן דִיזֶער זֵייט פוּן דֶעם טֵייךְ׃ 17 אַזוֹי הָאט דֶער מֶלֶךְ גֶעשִׁיקְט אֵיין עֶנְטְפֶער צוּ רַחוּם דֶעם בַּעַל־עֵצָה, אוּנְד צוּ שִׁמְשַׁי דֶעם סוֹפֵר, אוּנְד צוּ דִיא אִיבְּרִיגֶע פוּן זֵיינֶע לֵייט וָואס הָאבֶּען גֶעוְואוֹינְט אִין שָׁמְרָיִן, אוּנְד צוּ דִיא אִיבְּרִיגֶע וָואס זֶענֶען אַן דִיזֶער זֵייט פוּן דֶעם טֵייךְ, שָׁלוֹם, אוּנְד צוּ אַזֶעלְכֶע צֵייט׃ 18 דֶעם בְּרִיף וָואס אִיהְר הָאט צוּ אוּנְס גֶעשִׁיקְט, אִיז בְּפֵירוּשׁ פָאר מִיר גֶעלֵיינְט גֶעוָוארֶען׃ 19 אִיךְ הָאבּ גֶעבָּאטֶען, אוּנְד מֶען הָאט נָאכְגֶעפָארְשְׁט, אוּנְד מֶען הָאט גֶעפוּנֶען אַז דִיא דָאזִיגֶע שְׁטָאט הָאט זִיךְ פוּן עֶבִּיג אָן דֶערְהוֹיבֶּען קֶעגֶען מְלָכִים, אוּנְד הָאט מוֹרֵד גֶעוֶועזֶען, אוּנְד עֶס אִיז אִין אִיהְר אַ פֶערְבּוּנְד גֶעטְהוּן גֶעוָוארֶען׃ 20 אוּנְד דִיא שְׁטַארְקֶע מְלָכִים זֶענֶען גֶעוֶועזֶען אִיבֶּער יְרוּשָׁלַיִם, וָואס הָאבֶּען גֶעוֶועלְטִיגְט אִיבֶּער אַלֶע לֶענְדֶער פוּן דֶער אַנְדֶערֶער זֵייט פוּן דֶעם טֵייךְ, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען צוּ זֵייא בֶּעצָאלְט מֶכֶס אוּנְד מַס פוּן דִיא וָואס גֶעהֶען אוֹיף דֶעם וֶועג׃ 21 אַצוּנְד, מַאכְט אַ גֶעבָּאט אַז מֶען זָאל שְׁטֶערֶען דִיא דָאזִיגֶע מֶענֶער, אַז דִיא דָאזִיגֶע שְׁטָאט זָאל נִיט גֶעבּוֹיעֶט וֶוערֶען, בִּיז אֵיין אַנְדֶערֶעס גֶעבָּאט וֶועט פוּן מִיר גֶעגֶעבֶּען וֶוערֶען׃ 22 אוּנְד אִיהְר זָאלְט אֵייךְ הִיטֶען אַז אִיהְר זָאלְט גוּט אַכְטוּנְג גֶעבֶּען אוּנְד קֵיין פֶעהְלֶער מַאכֶען וֶועגֶען דֶעם, פַארְוָואס זָאל דֶען אַ גְרֶעסֶערֶער הֶזֵּיק וַואקְסֶען פַאר דִיא מְלָכִים? 23 דֶענְסְמָאל וֶוען דִיא אָפְּשְׁרִיפְט פוּן דֶעם בְּרִיף פוּן דֶעם מֶלֶךְ אַרְתַּחְשַׁשְׂתְּא אִיז גֶעלֵיינְט גֶעוָוארֶען פָאר רַחוּם אוּנְד שִׁמְשַׁי הַסּוֹפֵר אוּנְד זֵייעֶרֶע חַבְרָתָה, אַזוֹי זֶענֶען זֵייא גֶעשְׁווִינְד אַהִינְגֶעגַאנְגֶען קֵיין יְרוּשָׁלַיִם צוּ דִיא יְהוּדִים, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זֵייא גֶעשְׁטֶערְט מִיט מַאכְט אוּנְד קְרַאפְט׃ 24 דֶענְסְמָאל הָאט דִיא אַרְבֵּייט פוּן גָאטְ'ס הוֹיז וָואס אִיז אִין יְרוּשָׁלַיִם אוֹיפְגֶעהֶערְט, בִּיז צוּ דֶעם צְווֵייטֶען יָאהְר פוּן דֶער רֶעגִירוּנְג פוּן דָרְיָוֶשׁ מֶלֶךְ פוּן פָּרָס׃

## קאפיטעל ה

1 אוּנְד דִיא נְבִיאִים חַגַּי אוּנְד זְכַרְיָה זוּהְן פוּן עִדוֹא הָאבֶּען נְבוּאוֹת גֶעזָאגְט צוּ דִיא יוּדֶען וָואס זֶענֶען גֶעוֶועזֶען אִין יְהוּדָה אוּנְד אִין יְרוּשָׁלַיִם אִין דֶעם נָאמֶען פוּן דֶעם גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל, דְהַיְינוּ צוּ זֵייא׃ 2 דֶענְסְמָאל אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען זְרֻבָּבֶל זוּהְן פוּן שְׁאַלְתִּיאֵל, אוּנְד יֵשׁוּעַ זוּהְן פוּן יוֹצָדָק, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ בּוֹיעֶן גָאטְ'ס הוֹיז וָואס אִיז אִין יְרוּשָׁלַיִם; אוּנְד מִיט זֵייא זֶענֶען גֶעוֶועזֶען דִיא נְבִיאִים פוּן גָאט וָואס הָאבֶּען זֵייא גֶעהָאלְפֶען׃ 3 אִין דֶערְזֶעלְבִּיגֶער צֵייט אִיז צוּ זֵייא אָנְגֶעקוּמֶען תַּתְּנַי, דֶער גוּבֶּערְנַאטָאר פוּן דִיזֶער זֵייט פוּן דֶעם טֵייךְ, אוּנְד שְׁתַר־בּוֹזְנַי אוּנְד זֵייעֶרֶע חַבְרוּתָה, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען צוּ זֵייא אַזוֹי גֶעזָאגְט, וֶוער הָאט

אֵייךְ

14 יְהוָה כִּי אֶת־אֲשֶׁר־יֹאמַר אֱלֹהַי אֹתוֹ אֲדַבֵּר׃ וַיָּבֹא אֶל־
הַמֶּלֶךְ וַיֹּאמֶר הַמֶּלֶךְ אֵלָיו מִיכָה הֲנֵלֵךְ אֶל־רָמֹת גִּלְעָד
לַמִּלְחָמָה אִם־אֶחְדָּל וַיֹּאמֶר עֲלוּ וְהַצְלִיחוּ וְיִנָּתְנוּ בְּיֶדְכֶם׃
טו וַיֹּאמֶר אֵלָיו הַמֶּלֶךְ עַד־כַּמֶּה פְעָמִים אֲנִי מַשְׁבִּיעֶךָ אֲשֶׁר
16 לֹא־תְדַבֵּר אֵלַי רַק אֱמֶת בְּשֵׁם יְהוָה׃ וַיֹּאמֶר רָאִיתִי אֶת־
כָּל־יִשְׂרָאֵל נְפוֹצִים עַל־הֶהָרִים כַּצֹּאן אֲשֶׁר אֵין־לָהֶן רֹעֶה
וַיֹּאמֶר יְהוָה לֹא־אֲדֹנִים לָאֵלֶּה יָשׁוּבוּ אִישׁ־לְבֵיתוֹ בְּשָׁלוֹם׃
17 וַיֹּאמֶר מֶלֶךְ־יִשְׂרָאֵל אֶל־יְהוֹשָׁפָט הֲלֹא אָמַרְתִּי אֵלֶיךָ לֹא־
18 יִתְנַבֵּא עָלַי טוֹב כִּי אִם־לְרָע׃ וַיֹּאמֶר לָכֵן שִׁמְעוּ
דְבַר־יְהוָה רָאִיתִי אֶת־יְהוָה יוֹשֵׁב עַל־כִּסְאוֹ וְכָל־צְבָא
19 הַשָּׁמַיִם עֹמְדִים עַל־יְמִינוֹ וּשְׂמֹאלוֹ׃ וַיֹּאמֶר יְהוָה מִי
יְפַתֶּה אֶת־אַחְאָב מֶלֶךְ־יִשְׂרָאֵל וְיַעַל וְיִפֹּל בְּרָמֹת גִּלְעָד
כ וַיֹּאמֶר זֶה אֹמֵר כָּכָה וְזֶה אֹמֵר כָּכָה׃ וַיֵּצֵא הָרוּחַ וַיַּעֲמֹד
לִפְנֵי יְהוָה וַיֹּאמֶר אֲנִי אֲפַתֶּנּוּ וַיֹּאמֶר יְהוָה אֵלָיו בַּמָּה׃
21 וַיֹּאמֶר אֵצֵא וְהָיִיתִי לְרוּחַ שֶׁקֶר בְּפִי כָּל־נְבִיאָיו וַיֹּאמֶר
22 תְּפַתֶּה וְגַם־תּוּכָל צֵא וַעֲשֵׂה־כֵן׃ וְעַתָּה הִנֵּה נָתַן יְהוָה
רוּחַ שֶׁקֶר בְּפִי נְבִיאֶיךָ אֵלֶּה וַיהוָה דִּבֶּר עָלֶיךָ רָעָה׃
23 וַיִּגַּשׁ צִדְקִיָּהוּ בֶן־כְּנַעֲנָה וַיַּךְ אֶת־מִיכָיְהוּ עַל־הַלֶּחִי וַיֹּאמֶר
24 אֵי זֶה הַדֶּרֶךְ עָבַר רוּחַ־יְהוָה מֵאִתִּי לְדַבֵּר אֹתָךְ׃ וַיֹּאמֶר
מִיכָיְהוּ הִנְּךָ רֹאֶה בַּיּוֹם הַהוּא אֲשֶׁר תָּבוֹא חֶדֶר בְּחֶדֶר
כה לְהֵחָבֵא׃ וַיֹּאמֶר מֶלֶךְ יִשְׂרָאֵל קְחוּ אֶת־מִיכָיְהוּ וַהֲשִׁיבֻהוּ
26 אֶל־אָמוֹן שַׂר־הָעִיר וְאֶל־יוֹאָשׁ בֶּן־הַמֶּלֶךְ׃ וַאֲמַרְתֶּם כֹּה
אָמַר הַמֶּלֶךְ שִׂימוּ זֶה בֵּית הַכֶּלֶא וְהַאֲכִלֻהוּ לֶחֶם לַחַץ
27 וּמַיִם לַחַץ עַד שׁוּבִי בְשָׁלוֹם׃ וַיֹּאמֶר מִיכָיְהוּ אִם־שׁוֹב
תָּשׁוּב בְּשָׁלוֹם לֹא־דִבֶּר יְהוָה בִּי וַיֹּאמֶר שִׁמְעוּ עַמִּים
28 כֻּלָּם׃ וַיַּעַל מֶלֶךְ־יִשְׂרָאֵל וִיהוֹשָׁפָט מֶלֶךְ־יְהוּדָה
29 אֶל־רָמֹת גִּלְעָד׃ וַיֹּאמֶר מֶלֶךְ יִשְׂרָאֵל אֶל־יְהוֹשָׁפָט הִתְחַפֵּשׂ

אַז נָאר דָאס וָואס גָאט וֶועט זָאגֶען דָאס
וֶועל אִיךְ רֶעדֶען׃ 14 אוּנְד וֶוען עֶר אִיז
גֶעקוּמֶען צוּ דֶעם מֶלֶךְ, אַזוֹי הָאט דֶער
מֶלֶךְ צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, מִיכָה, זָאלֶען מִיר
אַרוֹיפְגֶעהְן קֵיין רָמוֹת גִּלְעָד צוּ דֶער
מִלְחָמָה, אָדֶער זָאל אִיךְ עֶס פֶערְמֵיידֶען?
אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט גֶעהְט אַרוֹיף אוּנְד
זֵייט מַצְלִיחַ וָוארִין זַייא וֶועלֶען גֶעגֶעבֶּען
וֶוערֶען אִין אֵיירֶע הֶענְד׃ 15 אוּנְד דֶער
מֶלֶךְ הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, וִויא פִיל
מָאל זָאל אִיךְ דִיךְ בֶּעשְׁוֶוערֶען אַז דוּא
זָאלְסְט נִיט אַנְדֶערְשְׁט רֶעדֶען צוּ מִיר
נֵייעֶרְט דֶעם אֱמֶת אִין דֶעם הַאר׳ס נָאמֶען?
16 אַזוֹי הָאט עֶר גֶעזָאגְט, אִיךְ הָאבּ גֶע־
זֶעהֶען גַאנְץ יִשְׂרָאֵל פֶערְשְׁפְּרֵייט אוֹיף
דִיא בֶּערְג אַזוֹי וִויא שָׁאף וָואס הָאבֶּען
קֵיין פַּאסְטוּךְ, אוּנְד דֶער הַאר הָאט גֶע־
זָאגְט, עֶס אִיז נִיט דָא קֵיין הַאר צוּ דִיא
דָאזִיגֶע, לָאז זִיךְ אִיטְלִיכֶער מַאן אוּמְקֶעהְ־
רֶען צוּ זַיין הוֹיז בְּשָׁלוֹם׃ 17 אוּנְד דֶער
מֶלֶךְ פוּן יִשְׂרָאֵל הָאט גֶעזָאגְט צוּ יְהוֹשָׁפָט,
הָאבּ אִיךְ דִיר נִיט גֶעזָאגְט אַז עֶר וֶועט צוּ מִיר קֵיין גוּטֶעס נְבוּאוֹת זָאגֶען נֵייעֶרְט נָאר
שְׁלֶעכְטֶעס׃ 18 אוּנְד עֶר (מִיכָה) הָאט גֶעזָאגְט, הֶערְט דָאס וָוארְט פוּן דֶעם הַאר, אִיךְ
הָאבּ גֶעזֶעהֶען דֶעם הַאר זִיצֶען אוֹיף זַיין טְרוֹין־שְׁטוּל, אוּנְד דִיא גַאנְצֶע חַיָילוֹת פוּן
דֶעם הִימֶעל שְׁטֶעהְן אוֹיף זַיינֶע רֶעכְטֶע זַייט אוּנְד זַיינֶע לִינְקֶע זַייט׃ 19 אוּנְד דֶער הַאר
הָאט גֶעזָאגְט, וֶוער וֶועט דֶעם אַחְאָב מֶלֶךְ פוּן יִשְׂרָאֵל אִיבֶּערְרֶעדֶען, אַז עֶר זָאל אַרוֹיפְ־
גֶעהְן אוּנְד פַאלֶען אִין רָמוֹת גִּלְעָד? אוּנְד אֵיינֶער הָאט אַזוֹי גֶעזָאגְט אוּנְד אֵיין אַנְדֶערֶער
אַזוֹי׃ 20 אוּנְד אַ רוּחַ אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען אוּנְד הָאט זִיךְ גֶעשְׁטֶעלְט פַאר דֶעם הַאר, אוּנְד
עֶר הָאט גֶעזָאגְט אִיךְ וֶועל אִיהְם אִיבֶּערְרֶעדֶען; אוּנְד דֶער הַאר הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט,
מִיט וָואס? 21 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ וֶועל אַרוֹיסְגֶעהְן אוּנְד אִיךְ וֶועל זַיין אַ פַאלְ־
שֶׁער רוּחַ אִין דֶעם מוֹיל פוּן אַלֶע זַיינֶע נְבִיאִים; אוּנְד דֶער הַאר הָאט גֶעזָאגְט, דוּא וֶועסְט
אִיהְם אִיבֶּערְרֶעדֶען אוּנְד דוּא וֶועסְט אִיהְם אוֹיךְ בֵּייקוּמֶען, גֶעה אַרוֹיס, אוּנְד טְהוּא אַזוֹי׃
22 אוּנְד אַצוּנְד, זֶעה, דֶער הַאר הָאט גֶעגֶעבֶּען אַ פַאלְשֶׁען רוּחַ אִין דֶעם מוֹיל פוּן דִיא
דָאזִיגֶע דַיינֶע נְבִיאִים, אוּנְד דֶער הַאר הָאט אִיבֶּער דִיר גֶערֶעט שְׁלֶעכְטֶעס׃ 23 אַזוֹי
אִיז צִדְקִיָּהוּ זוּהְן פוּן כְּנַעֲנָה צוּגֶעטְרֶעטֶען אוּנְד עֶר הָאט מִיכָיְהוּ גֶעשְׁלָאגֶען אוֹיף דִיא
בַּאקֶען, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, וֶועלְכֶען וֶועג אִיז דֶער רוּחַ פוּן דֶעם הַאר אִיבֶּערְגֶעפָאהְ־
רֶען פוּן מִיר מִיט דִיר צוּ רֶעדֶען? 24 אוּנְד מִיכָיְהוּ הָאט גֶעזָאגְט, זֶעה, דוּא וֶועסְט עֶס זֶעהֶען
אַן דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען טָאג וֶוען דוּא וֶועסְט אַרֵיינְקוּמֶען פוּן אֵיין חֶדֶר צוּ דֶעם אַנְדֶערְן דִיךְ צוּ
בֶּעהַאלְטֶען׃ 25 אַזוֹי הָאט דֶער מֶלֶךְ פוּן יִשְׂרָאֵל גֶעזָאגְט, נֶעמְט מִיכָיְהוּ אוּנְד בְּרֶענְגְט אִיהְם
צוּרִיק צוּ אָמוֹן דֶעם אוֹיבֶּערְשְׁטֶען פוּן דֶער שְׁטָאט, אוּנְד צוּ יוֹאָשׁ דֶעם קֶענִיג׳ס זוּהְן׃
26 אוּנְד אִיהְר זָאלְט זָאגֶען, אַזוֹי זָאגְט דֶער מֶלֶךְ, טְהוּט דֶעם דָאזִיגֶען אִין דֶעם תְּפִיסָה הוֹיז,
אוּנְד שְׁפֵּייזְט אִיהְם מִיט פֵּיינְלִיכֶען בְּרוֹיט אוּנְד פֵּיינְלִיכֶען וַואסֶער בִּיז אִיךְ וֶועל בְּשָׁלוֹם
צוּרִיקְקוּמֶען׃ 27 אוּנְד מִיכָיְהוּ הָאט גֶעזָאגְט, וֶוען דוּא וֶועסְט בֶּאֱמֶת בְּשָׁלוֹם צוּרִיקְקוּמֶען
אַזוֹי הָאט דֶער הַאר נִיט דוּרְךְ מִיר גֶערֶעט, אוּנְד עֶר הָאט וֵוייטֶער גֶעזָאגְט הָארְכְט אַלֶע אִיהְר
פֶעלְקֶער׃ 28 אַזוֹי זֶענֶען דֶער מֶלֶךְ פוּן יִשְׂרָאֵל אוּנְד יְהוֹשָׁפָט מֶלֶךְ פוּן יְהוּדָה אַרוֹיפְגֶעגַאנְ־
גֶען קֵיין רָמוֹת גִּלְעָד׃ 29 אוּנְד דֶער מֶלֶךְ פוּן יִשְׂרָאֵל הָאט גֶעזָאגְט צוּ יְהוֹשָׁפָט, אִיךְ וֶועל
מִיךְ

מיך פערשטעלען, אונד וועל קומען אין
דער מלחמה, אבער דוא טהוא אן דיינע
קליידער; אזוי האט זיך דער מלך פון
ישראל פערשטעלט, אונד זייא זענען
אנגעקומען אין דער מלחמה: 30 אונד
דער מלך פון ארם האט געבאטען צו
זיינע אויבערשטע פון דיא רייטוועגען,
אזוי צו זאגען, איהר זאלט קיינע מלחמה
האלטען מיט קליין אדער גרויס נייערט
נור מיט דעם מלך פון ישראל אליין:
31 אונד עס איז געוועזען ווען דיא אויי־
בערשטע פון דיא רייטוועגען האבען
געזעהען יהושפט, אזוי האבען זייא גע־
זאגט אז ער איז דער מלך פון ישראל
אונד זייא האבען איהם ארומגערינגעלט
מיט איהם מלחמה צו האלטען; אבער
יהושפט האט אויסגעשריען אונד דער
האר האט איהם געהאלפען, אונד גאט
האט געמאכט אז זייא זאלען פון איהם
אפקעהרען: 32 אונד ווען דיא אויי־
בערשטע פון דיא רייטוועגען האבען
געזעהען דאס עס איז ניט געוועזען דער מלך פון ישראל, אזוי האבען זייא זיך
פון הינטער איהם צוריקגעקעהרט: 33 אונד א געוויסער מאן האט געשפאנט דעם
בויגען אהן א ציעל, אונד ער האט געשלאגען דעם מלך פון ישראל צווישען דיא
בעהעפטונגען אונד צווישען דעם פאנצער, אונד ער האט געזאגט צו זיין רייטוואגען
מאן, קעהר אום דיינע האנד כדי מיך ארויסצוברענגען אויס דער מחנה, וואָרין איך
בין פערוואונדעט: 34 אונד דיא מלחמה איז אן דעמזעלבען טאג געשטיגען, אבער
דער מלך פון ישראל איז שטעהן געבליבען אין דעם רייטוואגען קעגען איבער ארם ביז
צום אבענד אונד ער איז געשטארבען אין דער צייט ווען דיא זון איז אונטערגעגאנגען:

ובוא במלחמה ואתה לבש בגדיך ויתחפש מלך ישראל
ויבאו במלחמה: ומלך ארם צוה את־שרי הרכב אשר־ ל
לו לאמר לא תלחמו את־הקטן ואת־הגדול כי אם־את־
מלך ישראל לבדו: ויהי כראות שרי הרכב את־יהושפט 31
והמה אמרו מלך־ישראל הוא ויסבו עליו להלחם ויזעק
יהושפט ויהוה עזרו ויסיתם אלהים ממנו: ויהי כראות 32
שרי הרכב כי לא־היה מלך ישראל וישובו מאחריו:
ואיש משך בקשת לתמו ויך את־מלך ישראל בין הדבקים 33
ובין השרין ויאמר לרכב הפך ידיך והוצאתני מן
המחנה כי החליתי: ותעל המלחמה ביום ההוא ומלך 34
ישראל היה מעמיד במרכבה נכח ארם עד־הערב וימת
לעת בוא השמש:

יט

וישב יהושפט מלך־יהודה אל־ביתו בשלום לירושלם: א
ויצא אל־פניו יהוא בן־חנני החזה ויאמר אל־המלך 2
יהושפט הלרשע לעזר ולשנאי יהוה תאהב ובזאת
עליך קצף מלפני יהוה: אבל דברים טובים נמצאו 3
עמך כי־בערת האשרות מן־הארץ והכינות לבבך לדרש
האלהים: וישב יהושפט בירושלם וישב ויצא בעם 4
מבאר שבע עד־הר אפרים וישיבם אל־יהוה אלהי
אבותיהם: ויעמד שפטים בארץ בכל־ערי יהודה ה
הבצרות לעיר ועיר: ויאמר אל־השפטים ראו מה־אתם 6
עשים כי לא לאדם תשפטו כי ליהוה ועמכם בדבר
משפט: ועתה יהי פחד־יהוה עליכם שמרו ועשו כי־ 7
אין עם־יהוה אלהינו עולה ומשא פנים ומקח־שחד:
וגם בירושלם העמיד יהושפט מן־הלוים והכהנים 8
ומראשי האבות לישראל למשפט יהוה ולריב וישבו

## קאפיטעל יט

1 אונד יהושפט מלך פון יהודה איז צוריקגעגאנגען צו זיין הויז בשלום קיין ירושלים:
2 אונד יהוא בן חנני דער נביא איז ארויסגעגאנגען איהם צו בעגעגנען, אונד ער האט צו
איהם געזאגט, זאלסט דוא העלפען דעם רשע, אונד זאלסט דוא דיא שונאים פון דעם האר
ליבען? איבער דעם דאזיגען איז דער צארן פון דעם האר איבער דיר: 3 אבער דאך גע־
פינען זיך גוטע זאכען אין דיר, ווייל דוא האסט אויסגערוימט דיא לינדען־ביימער פון
דעם לאנד, אונד דוא האסט אנגעברייט דיין הארץ גאט צו זוכען: 4 אונד יהושפט האט
געוואוינט אין ירושלים, אונד ער איז ווידער ארויסגעגאנגען מיט דעם פאלק פון באר
שבע ביז צו דעם בארג אפרים, אונד ער האט זייא צוריקגעבראכט צו דעם האר דעם גאט
פון זיירע פעטער: 5 אונד ער האט אנגעשטעלט שפטים אין דעם לאנד, אין אלע שטעט
פון יהודה, אין איטליכע פעסטע שטאט: 6 אונד ער האט געזאגט צו דיא שפטים, געמט
אייך אין אכט וואס איהר טהוט, וואָרין איהר טהוט ניט משפט׳ן פאר מענשען נייערט פאר
דעם האר, אונד ער איז מיט אייך אין דער זאך פון דעם משפט: 7 אונד לאז דיא פארכט
פון דעם האר איבער אייך זיין, היט אייך אונד טהוט עס וואָרין מיט דעם האר אונזער
גאט איז קיין אומרעכט פערהאנדען, אונד ער איז קיין נושא פנים, אונד ער נעמט אויך
ניט קיין שחד: 8 אונד אויך אין ירושלים האט יהושפט אנגעשטעלט פון
דיא לוים אונד פון דיא כהנים, אונד פון דיא ראשי אבות פון ישראל צו דעם
משפט פון דעם האר, אונד איבער קריגעריא, אונד זייא האבען צוריקגעקעהרט

קיין

9 יְרוּשָׁלָֽם׃ וַיְצַו עֲלֵיהֶם לֵאמֹר כֹּה תַעֲשׂוּן בְּיִרְאַת יְהוָה
י בֶּאֱמוּנָה וּבְלֵבָב שָׁלֵם׃ וְכָל־רִיב אֲשֶׁר־יָבוֹא עֲלֵיכֶם
מֵאֲחֵיכֶם ׀ הַיֹּשְׁבִים בְּעָרֵיהֶם בֵּין־דָּם ׀ לְדָם בֵּין־תּוֹרָה
לְמִצְוָה לְחֻקִּים וּלְמִשְׁפָּטִים וְהִזְהַרְתֶּם אֹתָם וְלֹא יֶאְשְׁמוּ
לַיהוָה וְהָיָה־קֶצֶף עֲלֵיכֶם וְעַל־אֲחֵיכֶם כֹּה תַעֲשׂוּן וְלֹא
11 תֶאְשָֽׁמוּ׃ וְהִנֵּה אֲמַרְיָהוּ כֹהֵן הָרֹאשׁ עֲלֵיכֶם לְכֹל ׀ דְּבַר
יְהוָה וּזְבַדְיָהוּ בֶן־יִשְׁמָעֵאל הַנָּגִיד לְבֵית־יְהוּדָה לְכֹל
דְּבַר־הַמֶּלֶךְ וְשֹׁטְרִים הַלְוִיִּם לִפְנֵיכֶם חִזְקוּ וַעֲשׂוּ וִיהִי
יְהוָה עִם־הַטּֽוֹב׃

כ

א וַיְהִי אַחֲרֵי־כֵן בָּאוּ בְנֵי־מוֹאָב וּבְנֵי עַמּוֹן וְעִמָּהֶם ׀
2 מֵהָעַמּוֹנִים עַל־יְהוֹשָׁפָט לַמִּלְחָמָֽה׃ וַיָּבֹאוּ וַיַּגִּידוּ לִיהוֹשָׁפָט
לֵאמֹר בָּא עָלֶיךָ הָמוֹן רָב מֵעֵבֶר לַיָּם מֵאֲרָם וְהִנָּם
3 בְּחַצְצוֹן תָּמָר הִיא עֵין גֶּֽדִי׃ וַיִּרָא וַיִּתֵּן יְהוֹשָׁפָט אֶת־
4 פָּנָיו לִדְרוֹשׁ לַיהוָה וַיִּקְרָא־צוֹם עַל־כָּל־יְהוּדָֽה׃ וַיִּקָּבְצוּ
יְהוּדָה לְבַקֵּשׁ מֵיְהוָה גַּם מִכָּל־עָרֵי יְהוּדָה בָּאוּ לְבַקֵּשׁ
ה אֶת־יְהוָֽה׃ וַיַּעֲמֹד יְהוֹשָׁפָט בִּקְהַל יְהוּדָה וִירוּשָׁלַםִ
6 בְּבֵית יְהוָה לִפְנֵי הֶחָצֵר הַחֲדָשָֽׁה׃ וַיֹּאמַר יְהוָה אֱלֹהֵי
אֲבֹתֵינוּ הֲלֹא אַתָּה־הוּא אֱלֹהִים בַּשָּׁמַיִם וְאַתָּה מוֹשֵׁל
בְּכֹל מַמְלְכוֹת הַגּוֹיִם וּבְיָדְךָ כֹּחַ וּגְבוּרָה וְאֵין עִמְּךָ
7 לְהִתְיַצֵּֽב׃ הֲלֹא ׀ אַתָּה אֱלֹהֵינוּ הוֹרַשְׁתָּ אֶת־יֹשְׁבֵי הָאָרֶץ
הַזֹּאת מִלִּפְנֵי עַמְּךָ יִשְׂרָאֵל וַתִּתְּנָהּ לְזֶרַע אַבְרָהָם אֹהַבְךָ
8 לְעוֹלָֽם׃ וַיֵּשְׁבוּ־בָהּ וַיִּבְנוּ לְךָ ׀ בָּהּ מִקְדָּשׁ לְשִׁמְךָ לֵאמֹֽר׃
9 אִם־תָּבוֹא עָלֵינוּ רָעָה חֶרֶב שְׁפוֹט וְדֶבֶר וְרָעָב נַעַמְדָה
לִפְנֵי הַבַּיִת הַזֶּה וּלְפָנֶיךָ כִּי שִׁמְךָ בַּבַּיִת הַזֶּה וְנִזְעַק
י אֵלֶיךָ מִצָּרָתֵנוּ וְתִשְׁמַע וְתוֹשִֽׁיעַ׃ וְעַתָּה הִנֵּה בְנֵי־עַמּוֹן
וּמוֹאָב וְהַר־שֵׂעִיר אֲשֶׁר לֹא־נָתַתָּה לְיִשְׂרָאֵל לָבוֹא בָהֶם

קיין יְרוּשָׁלַיִם: 9 אוּנְד עֶר הָאט אִיבֶּער זֵייא בֶּעפוֹילֶען אַזוֹי צוּ זָאגֶען, אַזוֹי זָאלְט אִיהְר טְהוּן אִין דֶער פָארְכְט פוּן דֶעם הַאר, אוּנְד אִין טְרֵייהֵייט אוּנְד מִיט אַ גַאנְץ הַארְץ: 10 אוּנְד אִיטְלִיכֶער קְרִיג וָואס וֶועט צוּ אֵייךְ גֶעבְּרַאכְט וֶוערֶען פוּן אֵיירֶע בְּרִידֶער וָואס וְואוֹינֶען אִין זֵיירֶע שְׁטֶעט, צְוִישֶׁען בְּלוּט אוּנְד בְּלוּט, צְוִישֶׁען תּוֹרָה אוּנְד מִצְוֹת, גֶעזֶעץ אוּנְד מִשְׁפָּטִים, זָאלְט אִיהְר זֵייא וָוארְנֶען, כְּדֵי זֵייא זָאלֶען נִיט שׁוּלְדִיג וֶוערֶען פַאר דֶעם הַאר, אַז עֶס זָאל נִיט אִיבֶּער אֵייךְ אוּנְד אִיבֶּער אֵיירֶע בְּרִידֶער קוּמֶען אַ צָארְן; אַזוֹי זָאלְט אִיהְר טְהוּן, אוּנְד אִיהְר וֶועט אֵייךְ נִיט פֶערְשׁוּלְדִיגֶען: 11 אוּנְד זֶעה, אֲמַרְיָהוּ דֶער אוֹיבֶּערְשְׁטֶער כֹּהֵן אִיז אִיבֶּער אֵייךְ צוּ אִיטְלִיכֶער זַאךְ פוּן דֶעם הַאר, אוּנְד זְבַדְיָהוּ בֶּן־יִשְׁמָעֵאל, דֶער נָגִיד אִיבֶּער דֶעם הוֹיז פוּן יְהוּדָה, צוּ אִיטְלִיכֶער זַאךְ פוּן דֶעם מֶלֶךְ, אוּנְד דִיא לְוִיִּם זָאלֶען זֵיין שַׁמָשִׁים פַאר אֵייךְ, שְׁטַארְקְט אֵייךְ אוּנְד טְהוּט, אוּנְד דֶער הַאר וֶועט זֵיין מִיט דִיא וָואס טְהוּן גוּטֶעס:

קאפיטעל כ

1 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען נָאכְדֶעם, אַזוֹי זֶענֶען דִיא בְּנֵי מוֹאָב אוּנְד דִיא בְּנֵי עַמּוֹן גֶעקוּמֶען אוּנְד מִיט זֵייא זֶענֶען נָאךְ גֶעוֶועזֶען אַנְדֶערֶע פוּן דִיא עַמּוֹנִים, מִלְחָמָה צוּ הַאלְטֶען מִיט יְהוֹשָׁפָט: 2 אוּנְד מֶען אִיז גֶעקוּמֶען אוּנְד מֶען הָאט עֶס אָנְגֶעזָאגְט צוּ יְהוֹשָׁפָט אַזוֹי צוּ זָאגֶען, אַ זֶעהְר גְרוֹיס חַיִל אִיז קֶעגֶען דִיר גֶעקוּמֶען פוּן דֶער אַנְדֶערֶער זֵייט יַם, פוּן אֲרָם, אוּנְד זֶעה, זֵייא זֶענֶען אִין חַצְצוֹן־תָּמָר, דָאס אִיז עֵין גֶדִי: 3 אוּנְד יְהוֹשָׁפָט הָאט זִיךְ גֶעפָארְכְטֶען, אוּנְד עֶר הָאט זֵיין פָּנִים גֶעגֶעבֶּען דֶעם הַאר צוּ זוּכֶען, אוּנְד עֶר הָאט אוֹיסְגֶערוּפֶען אַ פַאסְטֶען אִיבֶּער גַאנְץ יְהוּדָה: 4 אוּנְד יְהוּדָה הָאט זִיךְ פֶערְזַאמֶעלְט כְּדֵי פוּן דֶעם הַאר צוּ זוּכֶען הִילְף, אֲפִילוּ פוּן אַלֶע שְׁטֶעט פוּן יְהוּדָה זֶענֶען זֵייא גֶעקוּמֶען דֶעם הַאר צוּ זוּכֶען: 5 אוּנְד יְהוֹשָׁפָט אִיז גֶעשְׁטַאנֶען אִין דִיא פֶערְזַאמְלוּנְג פוּן יְהוּדָה אוּנְד יְרוּשָׁלַיִם, אִין דֶעם הוֹיז פוּן דֶעם הַאר, פַאר דֶעם נֵייעֶם פָארְהוֹיף: 6 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, אָ הַאר, דֶער גָאט פוּן אוּנְזֶערֶע אָבוֹת, בִּיזְט דוּא נִיט דֶער גָאט אִין דֶעם הִימֶעל? אוּנְד טְהוּסְט דוּא נִיט גֶעוֶועלְטִיגֶען אִיבֶּער אַלֶע קֶענִיגְרֵייכֶע פוּן דִיא פֶעלְקֶער? אוּנְד אִיז נִיט אִין דֵיינֶע הַאנְד כֹּחַ אוּנְד גְבוּרָה, דָאס קֵיינֶער קֶען נִיט פָאר דִיר בֶּעשְׁטֶעהְן? 7 בִּיזְט דוּא נִיט אוּנְזֶער גָאט וָואס דוּא הָאסְט פֶערְטְרִיבֶּען דִיא בֶּעוְואוֹינֶער פוּן דֶעם דָאזִיגֶען לַאנְד פוּן פָאר דֵיין פָאלְק יִשְׂרָאֵל, אוּנְד הָאסְט עֶס גֶעגֶעבֶּען צוּ דֶעם זָאמֶען פוּן אַבְרָהָם דֵיין פְרֵיינְד אוֹיף עֶבִּיג? 8 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען דַארִין גֶעוְואוֹינְט, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען צוּ דִיר דַארִין גֶעבּוֹיעֶט אַ בֵּית הַמִקְדָּשׁ פַאר דֵיין נָאמֶען אַזוֹי צוּ זָאגֶען: 9 וֶוען עֶס וֶועט אִיבֶּער אוּנְס קוּמֶען אַ שְׁלֶעכְטֶעס, דְהַיְינוּ, אַ שְׁוֶוערְד, שְׁטְרָאפְּגֶערִיכְט, מָארְד אוּנְד הוּנְגֶער, אוּנְד מִיר וֶועלֶען שְׁטֶעהְן פָאר דֶעם דָאזִיגֶען הוֹיז, אוּנְד פָאר דִיר, וָוארִין דֵיין נָאמֶען אִיז אִין דֶעם דָאזִיגֶען הוֹיז, אוּנְד מִיר וֶועלֶען צוּ דִיר שְׁרֵייעֶן אִין אוּנְזֶערֶע צָרוֹת, אַזוֹי וֶועסְט דוּא אוּנְס דֶערְהֶערֶען אוּנְד הֶעלְפֶען: 10 אוּנְד אַצוּנְד זֶעה, דִיא בְּנֵי עַמּוֹן אוּנְד מוֹאָב אוּנְד דֶעם בַּארְג שֵׂעִיר, וָואס דוּא הָאסְט נִיט צוּגֶעלָאזְט אַז יִשְׂרָאֵל זָאל זֵייא אֵיינְנֶעמֶען,

בְּבֹאָם מֵאֶרֶץ מִצְרָיִם כִּי סָרוּ מֵעֲלֵיהֶם וְלֹא הִשְׁמִידוּם׃
11 וְהִנֵּה־הֵם גֹּמְלִים עָלֵינוּ לָבוֹא לְגָרְשֵׁנוּ מִיְּרֻשָּׁתְךָ אֲשֶׁר
12 הוֹרַשְׁתָּנוּ׃ אֱלֹהֵינוּ הֲלֹא תִשְׁפָּט־בָּם כִּי אֵין בָּנוּ כֹּחַ לִפְנֵי
הֶהָמוֹן הָרָב הַזֶּה הַבָּא עָלֵינוּ וַאֲנַחְנוּ לֹא נֵדַע מַה־נַּעֲשֶׂה
13 כִּי עָלֶיךָ עֵינֵינוּ׃ וְכָל־יְהוּדָה עֹמְדִים לִפְנֵי יְהוָה גַּם־טַפָּם
14 נְשֵׁיהֶם וּבְנֵיהֶם׃ וְיַחֲזִיאֵל בֶּן־זְכַרְיָהוּ בֶּן־בְּנָיָה בֶּן
יְעִיאֵל בֶּן־מַתַּנְיָה הַלֵּוִי מִן־בְּנֵי אָסָף הָיְתָה עָלָיו רוּחַ יְהוָה
טו בְּתוֹךְ הַקָּהָל׃ וַיֹּאמֶר הַקְשִׁיבוּ כָל־יְהוּדָה וְיֹשְׁבֵי יְרוּשָׁלִַם
וְהַמֶּלֶךְ יְהוֹשָׁפָט כֹּה־אָמַר יְהוָה לָכֶם אַתֶּם אַל־תִּירְאוּ
וְאַל־תֵּחַתּוּ מִפְּנֵי הֶהָמוֹן הָרָב הַזֶּה כִּי לֹא לָכֶם הַמִּלְחָמָה
16 כִּי לֵאלֹהִים׃ מָחָר רְדוּ עֲלֵיהֶם הִנָּם עֹלִים בְּמַעֲלֵה הַצִּיץ
17 וּמְצָאתֶם אֹתָם בְּסוֹף הַנַּחַל פְּנֵי מִדְבַּר יְרוּאֵל׃ לֹא לָכֶם
לְהִלָּחֵם בָּזֹאת הִתְיַצְּבוּ עִמְדוּ וּרְאוּ אֶת־יְשׁוּעַת יְהוָה
עִמָּכֶם יְהוּדָה וִירוּשָׁלִַם אַל־תִּירְאוּ וְאַל־תֵּחַתּוּ מָחָר צְאוּ
18 לִפְנֵיהֶם וַיהוָה עִמָּכֶם׃ וַיִּקֹּד יְהוֹשָׁפָט אַפַּיִם אַרְצָה וְכָל־
יְהוּדָה וְיֹשְׁבֵי יְרוּשָׁלִַם נָפְלוּ לִפְנֵי יְהוָה לְהִשְׁתַּחֲוֺת
19 לַיהוָה׃ וַיָּקֻמוּ הַלְוִיִּם מִן־בְּנֵי הַקְּהָתִים וּמִן־בְּנֵי הַקָּרְחִים
כ לְהַלֵּל לַיהוָה אֱלֹהֵי יִשְׂרָאֵל בְּקוֹל גָּדוֹל לְמָעְלָה׃ וַיַּשְׁכִּימוּ
בַבֹּקֶר וַיֵּצְאוּ לְמִדְבַּר תְּקוֹעַ וּבְצֵאתָם עָמַד יְהוֹשָׁפָט
וַיֹּאמֶר שְׁמָעוּנִי יְהוּדָה וְיֹשְׁבֵי יְרוּשָׁלִַם הַאֲמִינוּ בַּיהוָה
21 אֱלֹהֵיכֶם וְתֵאָמֵנוּ הַאֲמִינוּ בִנְבִיאָיו וְהַצְלִיחוּ׃ וַיִּוָּעַץ
אֶל־הָעָם וַיַּעֲמֵד מְשֹׁרְרִים לַיהוָה וּמְהַלְלִים לְהַדְרַת־
קֹדֶשׁ בְּצֵאת לִפְנֵי הֶחָלוּץ וְאֹמְרִים הוֹדוּ לַיהוָה כִּי לְעוֹלָם
22 חַסְדּוֹ׃ וּבְעֵת הֵחֵלּוּ בְרִנָּה וּתְהִלָּה נָתַן יְהוָה ׀ מְאָרְבִים
עַל־בְּנֵי עַמּוֹן מוֹאָב וְהַר־שֵׂעִיר הַבָּאִים לִיהוּדָה וַיִּנָּגֵפוּ׃
23 וַיַּעַמְדוּ בְּנֵי עַמּוֹן וּמוֹאָב עַל־יֹשְׁבֵי הַר־שֵׂעִיר לְהַחֲרִים
וּלְהַשְׁמִיד וּכְכַלּוֹתָם בְּיוֹשְׁבֵי שֵׂעִיר עָזְרוּ אִישׁ־בְּרֵעֵהוּ
24 לְמַשְׁחִית׃ וִיהוּדָה בָּא עַל־הַמִּצְפֶּה לַמִּדְבָּר וַיִּפְנוּ אֶל־

וָוען זַייא זֶענֶען גֶעקוּמֶען אוּים דֶעם לַאנְד מִצְרַיִם, וָוארִין זַייא הָאבֶּען זִיךְ פוּן זַייא אַוֶועקְגֶעקֶעהְרְט, אוּנְד הָאבֶּען זַייא נִיט פֶערְטִילְגְט: 11 אוּנְד זֶעה, וִויא זַייא פֶערְגֶעלְטֶען אוּנְס, דָאס זַייא קוּמֶען כְּדֵי אוּנְס צוּ פֶערְטְרַייבֶּען פוּן דֵיינֶע יְרוּשָׁה וָואס דוּא הָאסְט אוּנְס גֶעמַאכְט יַרְשְׁנ׳ן: 12 אָ, אוּנְזֶער גָאט, וִוילְסְט דוּא זַייא נִיט מִשְׁפָּט׳ן? וָוארִין מִיר הָאבֶּען קֵיין כֹּחַ פָאר דֶער דָאזִיגֶען גְרוֹיסֶע מַאסֶע וָואס אִיז קֶעגֶען אוּנְס אָנְגֶעקוּמֶען, אוּנְד מִיר וִוייסֶען נִיט וָואס מִיר זָאלֶען טְהוּן, וָוארִין אוּנְזֶערֶע אוֹיגֶען זֶענֶען אוֹיף דִיר: 13 אוּנְד גַאנְץ יְהוּדָה אִיז גֶעשְׁטַאנֶען פָאר דֶעם הַאר, מִיט זֵיירֶע קְלֵיינֶע קִינְדֶער, ווייבֶּער אוּנְד קִינְדֶער: 14 אוּנְד אִיבֶּער יַחֲזִיאֵל זוּהְן פוּן זְכַרְיָהוּ, זוּהְן פוּן בְּנָיָה, זוּהְן פוּן יְעִיאֵל, זוּהְן פוּן מַתַּנְיָה הַלֵּוִי, פוּן דִיא זִיהְן פוּן אָסָף, אִיז גֶעוֶועזֶען דֶער רוּחַ הַקוֹדֶשׁ פוּן דֶעם הַאר צְווִישֶׁען דֶער פֶערְזַאמְלוּנְג: 15 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, הָארְכְט אִיהְר גַאנְץ יְהוּדָה, אוּנְד אֵיינְוָואוֹינֶער פוּן יְרוּשָׁלַיִם אוּנְד דוּא מֶלֶךְ יְהוֹשָׁפָט, אַזוֹי זָאגְט דֶער הַאר צוּ אֵייךְ, אִיהְר זָאלְט קֵיין מוֹרָא הָאבֶּען אוּנְד אִיהְר זָאלְט אֵייךְ נִיט דֶערְשְׁרֶעקֶען פָאר דֶער דָאזִיגֶער גְרוֹיסֶע מַאסֶע, וָוארִין דִיא מִלְחָמָה אִיז נִיט קֶעגֶען אֵייךְ, נֵייעֶרְט קֶעגֶען גָאט: 16 מָארְגֶען זָאלְט אִיהְר קֶעגֶען זַייא אַרוּפְגֶעהְן, זֶעה, זַייא גֶעהֶען אַרוֹיף בַּייא דֶעם אוֹיפְגַאנְג פוּן צִיץ, אוּנְד אִיהְר וֶועט זַייא גֶעפִינֶען אִין דֶעם עֶנְד פוּן דֶעם טָאל פָאר דֶער מִדְבָּר יְרוּאֵל: 17 אִיהְר וֶועט נִיט בְּרוֹיכֶען מִלְחָמָה צוּ הַאלְטֶען אִין דֶער דָאזִיגֶער מִלְחָמָה, שְׁטֶעלְט אֵייךְ אוּנְד שְׁטֶעהְט שְׁטִיל אוּנְד זֶעהְט דִיא הִילְף פוּן דֶעם הַאר מִיט אֵייךְ, אָ יְהוּדָה אוּנְד יְרוּשָׁלַיִם, הָאט קֵיין מוֹרָא אוּנְד דֶערְשְׁרֶעקְט אֵייךְ נִיט; גֶעהְט מָארְגֶען אַרוֹיס קֶעגֶען זַייא, וָוארִין דֶער הַאר וֶועט זַיין מִיט אֵייךְ: 18 אוּנְד יְהוֹשָׁפָט הָאט זִיךְ גֶעבִּיקְט מִיט זַיין פָּנִים צוּ דֶער עֶרְד, אוּנְד גַאנְץ יְהוּדָה אוּנְד דִיא אֵיינְוָואוֹינֶער פוּן יְרוּשָׁלַיִם זֶענֶען אַנִידֶער גֶעפַאלֶען פָאר דֶעם הַאר זִיךְ צוּ בִּיקֶען צוּ דֶעם הַאר: 19 אוּנְד דִיא לְוִיִּם פוּן דִיא קִינְדֶער פוּן קְהָת אוּנְד פוּן דִיא קִינְדֶער פוּן קֹרַח זֶענֶען אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען כְּדֵי צוּ לוֹיבֶּען דֶעם הַאר, דֶעם גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל, מִיט אַ גְרוֹיס אוּנְד הוֹיךְ קוֹל: 20 אוּנְד זַייא זֶענֶען אִין דֶער פְרִיה אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען, אוּנְד זַייא זֶענֶען אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען אִין דֶער מִדְבָּר תְּקוֹעַ, אוּנְד וֶוען זַייא זֶענֶען אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען אַזוֹי הָאט זִיךְ יְהוֹשָׁפָט גֶעשְׁטֶעלְט אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, הֶערְט מִיךְ צוּ אָ אִיהְר יְהוּדָה אוּנְד אִיהְר אֵיינְוָואוֹינֶער פוּן יְרוּשָׁלַיִם, גְלוֹיבְּט אִין דֶעם הַאר אֵייעֶר גָאט, אַזוֹי וֶועט אִיהְר בֶּעשְׁטֶעטִיגְט וֶוערֶען, גְלוֹיבְּט אִין זֵיינֶע נְבִיאִים אַזוֹי וֶועט אִיהְר מַצְלִיחַ זַיין: 21 אוּנְד וֶוען עֶר הָאט זִיךְ בֶּערָאטֶען מִיט דֶעם פָאלְק, אַזוֹי הָאט עֶר אָנְגֶעשְׁטֶעלְט מְשׁוֹרְרִים צוּ דֶעם הַאר, כְּדֵי זַייא זָאלֶען לוֹיבֶּען מִיט זֵיינֶער שֶׁעהְנֶען הֵיילִיגְקֵייט, וֶוען זַייא וֶועלֶען אַרוֹיסְגֶעהְן פָאר דִיא בֶּעוָואפֶענְטֶע, אוּנְד זַייא זָאלֶען זָאגֶען, לוֹיבְּט דֶעם הַאר, וָוארִין זַיין חֶסֶד גֶעדוֹיעֶרְט אוֹיף עֶבִּיג: 22 אוּנְד צוּ דֶער צַייט וֶוען זַייא הָאבֶּען אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ זִינְגֶען אוּנְד צוּ לוֹיבֶּען הָאט דֶער הַאר גֶעגֶעבֶּען לוֹיעֶרֶם אוֹיף דִיא בְּנֵי עַמּוֹן אוּנְד מוֹאָב אוּנְד דִיא פוּן דֶעם בַּארְג שֵׂעִיר וָואס זֶענֶען גֶעקוּמֶען קֶעגֶען יְהוּדָה, אוּנְד זַייא זֶענֶען גֶעשְׁלָאגֶען גֶעוָוארֶען: 23 וָוארִין דִיא בְּנֵי עַמּוֹן אוּנְד מוֹאָב הָאבֶּען זִיךְ גֶעשְׁטֶעלְט קֶעגֶען דִיא בֶּעוְואוֹינֶער פוּן דֶעם בַּארְג שֵׂעִיר, אִים גַאנְצֶען צוּ פֶערְווִיסְטֶען אוּנְד צוּ פֶערְטִילְגֶען, אוּנְד וֶוען זַייא הָאבֶּען גֶעמַאכְט אֵיין עֶנְד מִיט דִיא בֶּעוְואוֹינֶער פוּן שֵׂעִיר, אַזוֹי הָאט אִיטְלִיכֶער גֶעהָאלְפֶען אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערְן צוּ פֶערְטִילְגֶען: 24 אוּנְד וֶוען דִיא פוּן יְהוּדָה זֶענֶען אָנְגֶעקוּמֶען בַּייא מִצְפֶּה אִין דֶער מִדְבָּר, אַזוֹי הָאבֶּען זַייא גֶעקוּקְט צוּ דֶער

מאסע

כה הֶהָמוֹן וְהִנָּם פְּגָרִים נֹפְלִים אַרְצָה וְאֵין פְּלֵיטָה׃ וַיָּבֹא
יְהוֹשָׁפָט וְעַמּוֹ לָבֹז אֶת־שְׁלָלָם וַיִּמְצְאוּ בָהֶם לָרֹב וּרְכוּשׁ
וּפְגָרִים וּכְלֵי חֲמֻדוֹת וַיְנַצְּלוּ לָהֶם לְאֵין מַשָּׂא וַיִּהְיוּ יָמִים
26 שְׁלוֹשָׁה בֹּזְזִים אֶת־הַשָּׁלָל כִּי רַב־הוּא׃ וּבַיּוֹם הָרְבִעִי
נִקְהֲלוּ לְעֵמֶק בְּרָכָה כִּי־שָׁם בֵּרְכוּ אֶת־יְהוָה עַל־כֵּן קָרְאוּ
27 אֶת־שֵׁם הַמָּקוֹם הַהוּא עֵמֶק בְּרָכָה עַד־הַיּוֹם׃ וַיָּשֻׁבוּ
כָּל־אִישׁ יְהוּדָה וִירוּשָׁלִַם וִיהוֹשָׁפָט בְּרֹאשָׁם לָשׁוּב אֶל־
28 יְרוּשָׁלִַם בְּשִׂמְחָה כִּי־שִׂמְּחָם יְהוָה מֵאוֹיְבֵיהֶם׃ וַיָּבֹאוּ
יְרוּשָׁלִַם בִּנְבָלִים וּבְכִנֹּרוֹת וּבַחֲצֹצְרוֹת אֶל־בֵּית יְהוָה׃
29 וַיְהִי פַּחַד אֱלֹהִים עַל כָּל־מַמְלְכוֹת הָאֲרָצוֹת בְּשָׁמְעָם כִּי
ל נִלְחַם יְהוָה עִם אוֹיְבֵי יִשְׂרָאֵל׃ וַתִּשְׁקֹט מַלְכוּת יְהוֹשָׁפָט
31 וַיָּנַח לוֹ אֱלֹהָיו מִסָּבִיב׃ וַיִּמְלֹךְ יְהוֹשָׁפָט עַל־יְהוּדָה
בֶּן־שְׁלֹשִׁים וְחָמֵשׁ שָׁנָה בְּמָלְכוֹ וְעֶשְׂרִים וְחָמֵשׁ שָׁנָה
32 מָלַךְ בִּירוּשָׁלִַם וְשֵׁם אִמּוֹ עֲזוּבָה בַּת־שִׁלְחִי׃ וַיֵּלֶךְ בְּדֶרֶךְ
אָבִיו אָסָא וְלֹא־סָר מִמֶּנָּה לַעֲשׂוֹת הַיָּשָׁר בְּעֵינֵי יְהוָה׃
33 אַךְ הַבָּמוֹת לֹא־סָרוּ וְעוֹד הָעָם לֹא־הֵכִינוּ לְבָבָם לֵאלֹהֵי
34 אֲבֹתֵיהֶם׃ וְיֶתֶר דִּבְרֵי יְהוֹשָׁפָט הָרִאשֹׁנִים וְהָאַחֲרֹנִים
הִנָּם כְּתוּבִים בְּדִבְרֵי יֵהוּא בֶן־חֲנָנִי אֲשֶׁר הֹעֲלָה עַל־סֵפֶר
לה מַלְכֵי יִשְׂרָאֵל׃ וְאַחֲרֵי־כֵן אֶתְחַבַּר יְהוֹשָׁפָט מֶלֶךְ־יְהוּדָה
36 עִם אֲחַזְיָה מֶלֶךְ־יִשְׂרָאֵל הוּא הִרְשִׁיעַ לַעֲשׂוֹת׃ וַיְחַבְּרֵהוּ
עִמּוֹ לַעֲשׂוֹת אֳנִיּוֹת לָלֶכֶת תַּרְשִׁישׁ וַיַּעֲשׂוּ אֳנִיּוֹת בְּעֶצְיוֹן
37 גָּבֶר׃ וַיִּתְנַבֵּא אֱלִיעֶזֶר בֶּן־דֹּדָוָהוּ מִמָּרֵשָׁה עַל־יְהוֹשָׁפָט
לֵאמֹר כְּהִתְחַבֶּרְךָ עִם־אֲחַזְיָהוּ פָּרַץ יְהוָה אֶת־מַעֲשֶׂיךָ
וַיִּשָּׁבְרוּ אֳנִיּוֹת וְלֹא עָצְרוּ לָלֶכֶת אֶל־תַּרְשִׁישׁ׃

## כא

כא

א וַיִּשְׁכַּב יְהוֹשָׁפָט עִם־אֲבֹתָיו וַיִּקָּבֵר עִם־אֲבֹתָיו בְּעִיר דָּוִיד
2 וַיִּמְלֹךְ יְהוֹרָם בְּנוֹ תַּחְתָּיו׃ וְלוֹ־אַחִים בְּנֵי יְהוֹשָׁפָט
עֲזַרְיָה וִיחִיאֵל וּזְכַרְיָהוּ וַעֲזַרְיָהוּ וּמִיכָאֵל וּשְׁפַטְיָהוּ כָּל־

מַאסֶע, אוּנְד זֶעה, זַיירֶע פְּגָרִים זֶענֶען
גֶעוֶועזֶען גֶעפַאלֶען אוֹיף דֶער עֶרְד, אוּנְד
קֵיינֶער אִיז נִיט אַנְטְרוּנֶען׃ 25 אוּנְד
וֶוען יְהוֹשָׁפָט אוּנְד זַיין פָאלְק זֶענֶען
גֶעקוּמֶען אַוֶועקְצוּנֶעמֶען דֶעם רוֹיבּ אַזוֹי
הָאבֶּען זַייא גֶעפוּנֶען זֶעהְר פִיל רֵייכְטוּם
צְוִוישֶׁען דִיא פְּגָרִים, אוּנְד טֵייעֶרֶע יוּבֶּע־
לֶען, אוּנְד זַייא הָאבֶּען זַייא אָפְּגֶעצוֹיגֶען
פַאר זִיךְ אַ גַאנְץ גְרוֹיסֶע מַשָּׂא, אוּנְד
עֶס הָאט זַייא גֶענוּמֶען דְרֵייא טֶעג צוּ־
זַאמֶען צוּ נֶעמֶען דֶעם רוֹיבּ, וֵוייל עֶס
אִיז זֶעהְר פִיל גֶעוֶועזֶען׃ 26 אוּנְד אִין
דֶעם פִירְטֶען טָאג הָאבֶּען זַייא זִיךְ פֶערְ־
זַאמֶעלְט אִין דֶעם טָאל פוּן בְּרָכָה, וָוארִין
דָארְט הָאבֶּען זַייא גֶעבֶּענְשְׁט דֶעם הַאר,
דָארִיבֶּער הָאט מֶען גֶערוּפֶען דֶעמְזֶעלְ־
בִּיגֶען אָרְט עֵמֶק בְּרָכָה בִּיז צוּ דֶעם
הֵיינְטִיגֶען טָאג׃ 27 אוּנְד זַייא הָאבֶּען
צוּרִיקְגֶעקֶעהְרְט אִיטְלִיכֶער מַאן פוּן יְהוּדָה
אוּנְד יְרוּשָׁלַיִם, אוּנְד יְהוֹשָׁפָט אַן דֶער
שְׁפִּיץ, כְּדֵי צוּרִיקְצוּקֶעהְרֶען קֵיין יְרוּשָׁלַיִם
מִיט אַ פְרֵייד, וָוארִין דֶער הַאר הָאט זַייא
גֶעמַאכְט אַ פְרֵייד אִיבֶּער זֵיירֶע פֵיינְד׃
28 אוּנְד זַייא זֶענֶען גֶעקוּמֶען אִין יְרוּשָׁלַיִם
מִיט פִידֶעל אוּנְד הַארְפֶען, אוּנְד מִיט
טְרָאמְפֶּעטֶען צוּ דֶעם הוֹיז פוּן דֶעם הַאר׃ 29 אוּנְד דִיא פָארְכְט פוּן גָאט אִיז
גֶעוֶועזֶען אִיבֶּער אַלֶע קֶענִיגְרֵייכֶע פוּן דִיא לֶענְדֶער, וֶוען זַייא הָאבֶּען גֶעהֶערְט אַז
דֶער הַאר הָאט מִלְחָמָה גֶעהַאלְטֶען קֶעגֶען דִיא פֵיינְד פוּן יִשְׂרָאֵל׃ 30 אַזוֹי אִיז
דָאס מַלְכוּת פוּן יְהוֹשָׁפָט שְׁטִיל גֶעוֶועזֶען, וָוארִין זַיין גָאט הָאט אִיהְם גֶעגֶעבֶּען רוּהֶע
פוּן רִינְגְס אַרוּם׃ 31 אוּנְד יְהוֹשָׁפָט הָאט רֶעגִירְט אִיבֶּער יְהוּדָה, עֶר אִיז אַלְט
גֶעוֶועזֶען פִינְף אוּנְד דְרֵייסִיג יָאהְר וֶוען עֶר הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ רֶעגִירֶען, אוּנְד עֶר
הָאט רֶעגִירְט פִינְף אוּנְד צְוַואנְצִיג יָאהְר אִין יְרוּשָׁלַיִם; אוּנְד דֶער נָאמֶען פוּן זַיינֶע
מוּטֶער אִיז גֶעוֶועזֶען עֲזוּבָה דִיא טָאכְטֶער פוּן שִׁלְחִי׃ 32 אוּנְד עֶר אִיז גֶעגַאנְגֶען
אִין דֶעם וֶועג פוּן זַיין פָאטֶער אָסָא, אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ נִיט דֶערְפוּן אָפְּגֶעקֶעהְרְט,
עֶר הָאט גֶעטְהוּן דָאס וָואס אִיז רֶעכְט אִין דִיא אוֹיגֶען פוּן דֶעם הַאר׃ 33 נֵייעֶרְט
דִיא בָּמוֹת הָאט עֶר נִיט אָפְּגֶעטְהוּן, אוּנְד דָאס פָאלְק הָאט נָאךְ נִיט אָנְגֶעבְּרֵייט
זֵייעֶר הַארְץ צוּ דֶעם גָאט פוּן זֵיירֶע אָבוֹת׃ 34 אוּנְד דִיא אִיבְּרִיגֶע זַאכֶען פוּן
יְהוֹשָׁפָט, דִיא עֶרְשְׁטֶע אוּנְד דִיא לֶעצְטֶע, זֶעה, זַייא זֶענֶען אֵיינְגֶעשְׁרִיבֶּען אִין דִיא
וֶוערְטֶער פוּן יֵהוּא זוּהְן פוּן חֲנָנִי, וָואס אִיז (אוֹיךְ) דֶערְמַאנְט אִין דֶעם בּוּךְ פוּן
דִיא קֶענִיגֶע פוּן יִשְׂרָאֵל׃ 35 אָבֶּער דֶערְנָאךְ הָאט זִיךְ יְהוֹשָׁפָט מֶלֶךְ פוּן יְהוּדָה בֶּע־
הֶעפְט מִיט אֲחַזְיָה מֶלֶךְ פוּן יִשְׂרָאֵל, וָואס הָאט גֶעטְהוּן זֶעהְר שְׁלֶעכְט׃ 36 אוּנְד
עֶר הָאט זִיךְ מִיט אִיהְם בֶּעהֶעפְט צוּ מַאכֶען שִׁיפֶען כְּדֵי צוּ גֶעהְן קֵיין תַּרְשִׁישׁ,
אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶעמַאכְט דִיא שִׁיפֶען אִין עֶצְיוֹן גָבֶר׃ 37 אוּנְד אֱלִיעֶזֶר זוּהְן
פוּן דוֹדָוָהוּ אוּיס מָרֵשָׁה, הָאט נְבוּאוֹת גֶעזָאגְט קֶעגֶען יְהוֹשָׁפָט, אַזוֹי צוּ זָאגֶען,
וֵוייל דוּא הָאסְט דִיךְ בֶּעהֶעפְט מִיט אֲחַזְיָהוּ אַזוֹי הָאט דֶער הַאר צוּבְּרָאכֶען דֵיינֶע
מַעֲשִׂים, אוּנְד דִיא שִׁיפֶען זֶענֶען צוּבְּרָאכֶען גֶעוָוארֶען אַזוֹי דָאס זַייא הָאבֶּען נִיט
בֶּעקֶענְט גֶעהְן קֵיין תַּרְשִׁישׁ׃

## קאפיטעל כא

1 אוּנְד יְהוֹשָׁפָט הָאט זִיךְ גֶעלֶעגְט מִיט זַיינֶע פֶעטֶער, אוּנְד עֶר אִיז בֶּעגְרוּבֶּען גֶעוָוארֶען
מִיט זַיינֶע פֶעטֶער אִין דֶער שְׁטָאט פוּן דָוִד, אוּנְד יְהוֹרָם זַיין זוּהְן הָאט רֶעגִירְט אִין
זַיינֶער שְׁטֶעל׃ 2 אוּנְד עֶר הָאט גֶעהַאט בְּרִידֶער, דִיא קִינְדֶער פוּן יְהוֹשָׁפָט, דְהַיְינוּ,
עֲזַרְיָה, אוּנְד יְחִיאֵל, אוּנְד זְכַרְיָהוּ, אוּנְד עֲזַרְיָהוּ, אוּנְד מִיכָאֵל, אוּנְד שְׁפַטְיָהוּ, אַלֶע
דִיא

3 אֵלֶּה בְּנֵי יְהוֹשָׁפָט מֶלֶךְ־יִשְׂרָאֵל׃ וַיִּתֵּן לָהֶם ׀ אֲבִיהֶם
מַתָּנוֹת רַבּוֹת לְכֶסֶף וּלְזָהָב וּלְמִגְדָּנוֹת עִם־עָרֵי מְצֻרוֹת
בִּיהוּדָה וְאֶת־הַמַּמְלָכָה נָתַן לִיהוֹרָם כִּי־הוּא הַבְּכוֹר׃
4 וַיָּקָם יְהוֹרָם עַל־מַמְלֶכֶת אָבִיו וַיִּתְחַזַּק וַיַּהֲרֹג אֶת־כָּל־
ה אֶחָיו בֶּחָרֶב וְגַם מִשָּׂרֵי יִשְׂרָאֵל׃ בֶּן־שְׁלֹשִׁים וּשְׁתַּיִם שָׁנָה
6 יְהוֹרָם בְּמָלְכוֹ וּשְׁמוֹנֶה שָׁנִים מָלַךְ בִּירוּשָׁלִָם׃ וַיֵּלֶךְ
בְּדֶרֶךְ ׀ מַלְכֵי יִשְׂרָאֵל כַּאֲשֶׁר עָשׂוּ בֵּית אַחְאָב כִּי בַּת־
7 אַחְאָב הָיְתָה לּוֹ אִשָּׁה וַיַּעַשׂ הָרַע בְּעֵינֵי יְהוָה׃ וְלֹא־
אָבָה יְהוָה לְהַשְׁחִית אֶת־בֵּית דָּוִיד לְמַעַן הַבְּרִית
אֲשֶׁר כָּרַת לְדָוִיד וְכַאֲשֶׁר אָמַר לָתֵת לוֹ נִיר וּלְבָנָיו
8 כָּל־הַיָּמִים׃ בְּיָמָיו פָּשַׁע אֱדוֹם מִתַּחַת יַד־יְהוּדָה וַיַּמְלִיכוּ
9 עֲלֵיהֶם מֶלֶךְ׃ וַיַּעֲבֹר יְהוֹרָם עִם־שָׂרָיו וְכָל־הָרֶכֶב עִמּוֹ
וַיְהִי קָם לַיְלָה וַיַּךְ אֶת־אֱדוֹם הַסּוֹבֵב אֵלָיו וְאֵת שָׂרֵי
י הָרָכֶב׃ וַיִּפְשַׁע אֱדוֹם מִתַּחַת יַד־יְהוּדָה עַד הַיּוֹם הַזֶּה
אָז תִּפְשַׁע לִבְנָה בָּעֵת הַהִיא מִתַּחַת יָדוֹ כִּי עָזַב אֶת־
11 יְהוָה אֱלֹהֵי אֲבֹתָיו׃ גַּם־הוּא עָשָׂה בָמוֹת בְּהָרֵי יְהוּדָה
12 וַיֶּזֶן אֶת־יֹשְׁבֵי יְרוּשָׁלִַם וַיַּדַּח אֶת־יְהוּדָה׃ וַיָּבֹא
אֵלָיו מִכְתָּב מֵאֵלִיָּהוּ הַנָּבִיא לֵאמֹר כֹּה ׀ אָמַר יְהוָה
אֱלֹהֵי דָּוִיד אָבִיךָ תַּחַת אֲשֶׁר לֹא־הָלַכְתָּ בְּדַרְכֵי יְהוֹשָׁפָט
13 אָבִיךָ וּבְדַרְכֵי אָסָא מֶלֶךְ־יְהוּדָה׃ וַתֵּלֶךְ בְּדֶרֶךְ מַלְכֵי
יִשְׂרָאֵל וַתַּזְנֶה אֶת־יְהוּדָה וְאֶת־יֹשְׁבֵי יְרוּשָׁלִַם כְּהַזְנוֹת
בֵּית אַחְאָב וְגַם אֶת־אַחֶיךָ בֵית־אָבִיךָ הַטּוֹבִים מִמְּךָ
14 הָרָגְתָּ׃ הִנֵּה יְהוָה נֹגֵף מַגֵּפָה גְדוֹלָה בְּעַמֶּךָ וּבְבָנֶיךָ
טו וּבְנָשֶׁיךָ וּבְכָל־רְכוּשֶׁךָ׃ וְאַתָּה בָּחֳלָיִים רַבִּים בְּמַחֲלָה
16 מֵעֶיךָ עַד־יֵצְאוּ מֵעֶיךָ מִן־הַחֹלִי יָמִים עַל־יָמִים׃ וַיָּעַר
יְהוָה עַל־יְהוֹרָם אֵת רוּחַ הַפְּלִשְׁתִּים וְהָעַרְבִים אֲשֶׁר עַל־
17 יַד כּוּשִׁים׃ וַיַּעֲלוּ בִיהוּדָה וַיִּבְקָעוּהָ וַיִּשְׁבּוּ אֵת כָּל־
הָרְכוּשׁ הַנִּמְצָא לְבֵית־הַמֶּלֶךְ וְגַם־בָּנָיו וְנָשָׁיו וְלֹא נִשְׁאַר־

דיא דאזיגע זענען געוועזען דיא זיהן פון יהושפט מלך פון ישראל: 3 אונד זייער פאטער האט צו זייא געגעבען גרויסע מתנות פון זילבער אונד פון גאלד, אונד טייערע זאכען, מיט פעסטע שטעט אין יהודה, אבער דיא מלוכה האט ער געגעבען צו יהורם, ווייל ער איז געוועזען דער בכור: 4 אונד ווען יהורם איז אויפגעשטאנען איבער דיא מלוכה פון זיין פאטער, אזוי האט ער זיך געשטארקט, אונד ער האט דערשלאגען אלע זיינע ברידער מיט דעם שווערד, אונד אויך (פילע) פון דיא פירשטען פון ישראל: 5 יהורם איז אלט געוועזען צווייא אונד דרייסיג יאהר ווען ער האט אנגעהויבען צו רעגירען, אונד ער האט רעגירט אכט יאהר אין ירושלים: 6 אונד ער איז געגאנגען אין דיא וועגען פון דיא קעניגע פון ישראל, אזוי וויא דאס הויזגעזינד פון אחאב האט געטהון, ווארין ער האט געהאט א טאכטער פון אחאב פאר א ווייב, אונד ער האט געטהון שלעכטעס אין דיא אויגען פון דעם האר: 7 אבער דער האר האט ניט געוואלט פערדארבען דאס הויז פון דויד וועגען דעם ברית וואס ער האט געמאכט מיט דויד, אונד אזוי וויא ער האט צוגעזאגט צו איהם אונד צו זיינע זיהן צו געבען א ליכט אלע צייט: 8 אין זיינע טעג האט אדום מורד געוועזען פון אונטער דיא געוועלטיגקייט פון יהודה, אונד זייא האבען איבער זיך געמאכט א מלך: 9 אזוי איז יהורם איבערגעפאהרען מיט זיינע פירשטען, אונד אלע רייטוועגען מיט איהם, אונד ער איז אויפגעשטאנען בייא נאכט אונד ער האט געשלאגען אדום וואס האט איהם ארומגערינגעלט מיט זיינע אויבערשטע פון דיא רייטוועגען: 10 אזוי האט אדום מורד געוועזען פון אונטער דיא געוועלטיגקייט פון יהודה ביז צום היינטיגען טאג, אין דערזעלביגער צייט האט אויך לבנה מורד געוועזען פון אונטער זיינע האנד, ווייל ער האט פערלאזט דעם האר דעם גאט פון זיינע פעטער: 11 אונד ער האט אויך געמאכט במות אויף דיא בערג פון יהודה, אונד ער האט דיא בעוואוינער פון ירושלים געמאכט מזנה צו זיין, אונד ער האט פערשטויסען דיא לייט פון יהודה: 12 אונד עס איז צו איהם געקומען א געשריפט פון אליהו הנביא, אזוי צו זאגען, אזוי זאגט דער האר, דער גאט פון דויד דיין פאטער, ווייל דוא ביזט ניט געגאנגען אין דיא וועגען פון יהושפט דיין פאטער אונד אין דיא וועגען פון אסא מלך פון יהודה: 13 נייערט דוא ביזט געגאנגען אין דיא וועגען פון דיא קעניגע פון ישראל, אונד האסט געמאכט יהודה מזנה צו זיין, אונד אויך דיא בעוואוינער פון ירושלים גלייך אזוי וויא דאס זנות פון דעם הויזגעזינד פון אחאב, אונד דוא האסט אויך דערשלאגען דיינע ברידער, דיין פאטערס הויזגעזינד, וואס זענען בעסער געוועזען פון דיר: 14 זעה, אזוי וועט דער האר שלאגען דיין פאלק מיט א גרויסע מגפה, אונטער דיינע זיהן אונד דיינע ווייבער, אונד אין דיין גאנץ פערמעגען: 15 אונד דוא וועסט האבען גרויסע קראנקהייטען, א קראנקהייט אין דיינע געדערם, ביז דיינע געדערעם וועלען פון דיר ארויסגעהן וועגען דיא קראנקהייט פון טאג צו טאג: 16 אונד דער האר האט דערוועקט קעגען יהורם דעם גייסט פון דיא פלשתים אונד פון דיא ערבים וואס זענען געוועזען נאהענט פון דיא כושים: 17 אונד זייא זענען ארויפגעגאנגען קעגען יהודה, אונד זייא האבען אין זייא אריינגעבראכען, אונד זייא האבען געפאנגען גענומען דאס גאנצע פערמעגען וואס איז געוועזען אין דעם מלך'ס הויז, אונד אויך זיינע זיהן אונד זיינע ווייבער, אונד זייא האבען איהם קיין זיהן ניט איבערגעלאזט נייערט

נאר

18 לוֹ בֵּן כִּי אִם־יְהוֹאָחָז קְטֹן בָּנָיו׃ וְאַחֲרֵי כָּל־זֹאת נְגָפוֹ
19 יְהֹוָה ׀ בְּמֵעָיו לָחֳלִי לְאֵין מַרְפֵּא׃ וַיְהִי לְיָמִים ׀ מִיָּמִים
וּכְעֵת צֵאת הַקֵּץ לְיָמִים ׀ שְׁנַיִם יָצְאוּ מֵעָיו עִם־חָלְיוֹ
וַיָּמָת בְּתַחֲלֻאִים רָעִים וְלֹא־עָשׂוּ לוֹ עַמּוֹ שְׂרֵפָה כִּשְׂרֵפַת
כ אֲבֹתָיו׃ בֶּן־שְׁלֹשִׁים וּשְׁתַּיִם הָיָה בְמָלְכוֹ וּשְׁמוֹנֶה שָׁנִים
מָלַךְ בִּירוּשָׁלִָם וַיֵּלֶךְ בְּלֹא חֶמְדָּה וַיִּקְבְּרֻהוּ בְּעִיר דָּוִיד
וְלֹא בְּקִבְרוֹת הַמְּלָכִים׃

## כב

א וַיַּמְלִיכוּ יוֹשְׁבֵי יְרוּשָׁלִַם אֶת־אֲחַזְיָהוּ בְנוֹ הַקָּטֹן תַּחְתָּיו כִּי
כָל־הָרִאשֹׁנִים הָרַג הַגְּדוּד הַבָּא בָעַרְבִים לַמַּחֲנֶה וַיִּמְלֹךְ
2 אֲחַזְיָהוּ בֶּן־יְהוֹרָם מֶלֶךְ יְהוּדָה׃ בֶּן־אַרְבָּעִים וּשְׁתַּיִם
שָׁנָה אֲחַזְיָהוּ בְמָלְכוֹ וְשָׁנָה אַחַת מָלַךְ בִּירוּשָׁלִָם וְשֵׁם
3 אִמּוֹ עֲתַלְיָהוּ בַּת־עָמְרִי׃ גַּם־הוּא הָלַךְ בְּדַרְכֵי בֵּית אַחְאָב
4 כִּי אִמּוֹ הָיְתָה יוֹעַצְתּוֹ לְהַרְשִׁיעַ׃ וַיַּעַשׂ הָרַע בְּעֵינֵי יְהֹוָה
כְּבֵית אַחְאָב כִּי־הֵמָּה הָיוּ־לוֹ יוֹעֲצִים אַחֲרֵי מוֹת אָבִיו
ה לְמַשְׁחִית לוֹ׃ גַּם בַּעֲצָתָם הָלַךְ וַיֵּלֶךְ אֶת־יְהוֹרָם בֶּן־אַחְאָב
מֶלֶךְ יִשְׂרָאֵל לַמִּלְחָמָה עַל־חֲזָאֵל מֶלֶךְ־אֲרָם בְּרָמֹת גִּלְעָד
6 וַיַּכּוּ הָרַמִּים אֶת־יוֹרָם׃ וַיָּשָׁב לְהִתְרַפֵּא בְיִזְרְעֶאל כִּי
הַמַּכִּים אֲשֶׁר הִכֻּהוּ בָרָמָה בְּהִלָּחֲמוֹ אֶת־חֲזָהאֵל מֶלֶךְ
אֲרָם וַעֲזַרְיָהוּ בֶן־יְהוֹרָם מֶלֶךְ יְהוּדָה יָרַד לִרְאוֹת אֶת־
7 יְהוֹרָם בֶּן־אַחְאָב בְּיִזְרְעֶאל כִּי־חֹלֶה הוּא׃ וּמֵאֱלֹהִים
הָיְתָה תְּבוּסַת אֲחַזְיָהוּ לָבוֹא אֶל־יוֹרָם וּבְבֹאוֹ יָצָא עִם־
יְהוֹרָם אֶל־יֵהוּא בֶן־נִמְשִׁי אֲשֶׁר מְשָׁחוֹ יְהֹוָה לְהַכְרִית אֶת־
8 בֵּית אַחְאָב׃ וַיְהִי כְּהִשָּׁפֵט יֵהוּא עִם־בֵּית אַחְאָב וַיִּמְצָא
אֶת־שָׂרֵי יְהוּדָה וּבְנֵי אֲחֵי אֲחַזְיָהוּ מְשָׁרְתִים לַאֲחַזְיָהוּ
9 וַיַּהַרְגֵם׃ וַיְבַקֵּשׁ אֶת־אֲחַזְיָהוּ וַיִּלְכְּדֻהוּ וְהוּא מִתְחַבֵּא
בְשֹׁמְרוֹן וַיְבִאֻהוּ אֶל־יֵהוּא וַיְמִתֻהוּ וַיִּקְבְּרֻהוּ כִּי אָמְרוּ

נָאר יְהוֹאָחָז זַיין קְלֵיינְסְטֶען זוּהְן: 18 אוּנְד
נָאכְדֶעם אַלֶעם הָאט אִיהְם דֶער הַאר גֶע־
שְׁלָאגֶען אִין זַיינֶע גֶעדֶערְם מִיט אַ קְרֶענְק
וָואס קֶען נִיט גֶעהֵיילְט וֶוערֶען: 19 אוּנְד
עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען פוּן יָאהְר צוּ יָאהְר, אַן
דֶעם עֶנְד פוּן צְוֵויא יָאהְר, אַזוֹי זֶענֶען זַיינֶע
גֶעדֶערְם אַרוֹיסְגֶעפַאלֶען וֶועגֶען זַיינֶע
קְרַאנְקְהֵייט, אוּנְד עֶר אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען
דוּרְךְ זַיינֶע שְׁלֶעכְטֶע קְרַאנְקְהֵייט, אוּנְד
זַיין פָאלְק הָאט נִיט אִיבֶּער אִיהְם גֶעמַאכְט
קֵיינֶע פֶערְבְּרֶענוּנְג אַזוֹי וִויא דִיא פֶערְ־
בְּרֶענוּנְג פַאר זַיינֶע עֶלְטֶערְן: 20 עֶר אִיז
צְוֵויא אוּנְד דְרֵייסִיג יָאהְר אַלְט גֶעוֶועזֶען
וֶוען עֶר הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ רֶעגִירֶען,
אוּנְד עֶר הָאט רֶעגִיעֶרְט אַכְט יָאהְר אִין
יְרוּשָׁלַיִם, אוּנְד עֶר אִיז פֶערְגַאנְגֶען אָהְן
גְלוּסְטוּנְג, אוּנְד מֶען הָאט אִיהְם בֶּעגְרוּבֶּען
אִין דֶער שְׁטָאט פוּן דָוִד, אָבֶּער נִיט אִין
דִיא קְבָרִים פוּן דִיא מְלָכִים:

## קאפיטעל כב

1 אוּנְד דִיא בֶּעוְואוֹינֶער פוּן יְרוּשָׁלַיִם הָא־
בֶּען גֶעמַאכְט זַיין קְלֵיינְסְטֶען זוּהְן אֲחַזְיָהוּ
אַלְס קֶענִיג אִין זַיינֶע שְׁטֶעל, וָוארִין דָאס חַיִל וָואס אִיז גֶעקוּמֶען מִיט דִיא עַרְבִים צוּ דֶער
מַחֲנֶה הָאבֶּען דֶערְשְׁלָאגֶען אַלֶע עֶרְשְׁטֶע, אוּנְד אַזוֹי הָאט אֲחַזְיָהוּ זוּהְן פוּן יְהוֹרָם רֶעגִיעֶרְט
אַלְס מֶלֶךְ אִיבֶּער יְהוּדָה: 2 אֲחַזְיָהוּ אִיז צְוֵויא אוּנְד פִירְצִיג יָאהְר אַלְט גֶעוֶועזֶען וֶוען עֶר
הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ רֶעגִירֶען, אוּנְד עֶר הָאט רֶעגִיעֶרְט אֵיין יָאהְר אִין יְרוּשָׁלַיִם, אוּנְד
דֶער נָאמֶען פוּן זַיינֶע מוּטֶער אִיז גֶעוֶועזֶען עֲתַלְיָהוּ דִיא טָאכְטֶער פוּן עָמְרִי: 3 אוֹיךְ עֶר
אִיז גֶעגַאנְגֶען אִין דִיא וֶועגֶען פוּן דֶעם הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן אַחְאָב, וָוארִין זַיינֶע מוּטֶער אִיז גֶע־
וֶועזֶען זַיין עֵצָה גֶעבֶּער צוּם שְׁלֶעכְטֶען: 4 אוּנְד עֶר הָאט גֶעטְהוּן דָאס וָואס אִיז שְׁלֶעכְט
אִין דִיא אוֹיגֶען פוּן דֶעם הַאר, אַזוֹי וִויא דָאס הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן אַחְאָב, וָוארִין זֵייא זֶענֶען
גֶעוֶועזֶען זַיינֶע עֵצָה גֶעבֶּערְם נָאךְ דֶעם טוֹיט פוּן זַיין פָאטֶער אִיהְם צוּ פֶערְדַארְבֶּען: 5 אוּנְד
עֶר אִיז אוֹיךְ גֶעגַאנְגֶען אִין זֵייעֶרֶע עֵצוֹת, אוּנְד עֶר אִיז אַהִינְגֶעגַאנְגֶען מִיט יְהוֹרָם זוּהְן פוּן
אַחְאָב מֶלֶךְ פוּן יִשְׂרָאֵל צוּ דֶער מִלְחָמָה קֶעגֶען חֲזָאֵל מֶלֶךְ פוּן אֲרָם אִין רָמוֹת גִלְעָד, אוּנְד
דִיא אֲרַמִים הָאבֶּען גֶעשְׁלָאגֶען יוֹרָם: 6 אוּנְד עֶר אִיז צוּרִיקְגֶעקֶעהְרְט כְּדֵי גֶעהֵיילְט צוּ
וֶוערֶען אִין יִזְרְעֶאל פוּן דִיא וְואוּנְדֶען מִיט וָואס עֶר אִיז גֶעשְׁלָאגֶען גֶעוָוארֶען אִין רָמָה וָוען עֶר
הָאט מִלְחָמָה גֶעהַאלְטֶען מִיט חֲזָהאֵל מֶלֶךְ פוּן אֲרָם, אוּנְד עֲזַרְיָהוּ זוּהְן פוּן יְהוֹרָם מֶלֶךְ פוּן יְהוּדָה
אִיז אַרוּפְגֶעגַאנְגֶען צוּ זֶעהֶען יְהוֹרָם זוּהְן פוּן אַחְאָב אִין יִזְרְעֶאל, וָוארִין עֶר אִיז גֶעוֶועזֶען
קְרַאנְק: 7 אוּנְד דִיא צוּטְרֶעטוּנְג צוּ אֲחַזְיָהוּ אִיז גֶעוֶועזֶען פוּן גָאט אַז עֶר זָאל קוּמֶען צוּ
יוֹרָם, וָוארִין וֶוען עֶר אִיז גֶעקוּמֶען אַזוֹי אִיז עֶר אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען מִיט יְהוֹרָם קֶעגֶען יֵהוּא
זוּהְן פוּן נִמְשִׁי, וֶועמֶען דֶער הַאר הָאט גֶעזַאלְבְּט כְּדֵי צוּ פֶערְטִילְגֶען דָאס הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן
אַחְאָב: 8 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען דָאס וֶוען יֵהוּא הָאט גֶעטְהוּן דָאס מִשְׁפָּט קֶעגֶען דֶעם
הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן אַחְאָב, אַזוֹי הָאט עֶר גֶעפוּנֶען דִיא פִירְשְׁטֶען פוּן יְהוּדָה אוּנְד דִיא זִיהְן,
דִיא בְּרִידֶער פוּן אֲחַזְיָהוּ, וָואס הָאבֶּען בֶּעדִינְט אֲחַזְיָהוּ, אוּנְד עֶר הָאט זֵייא דֶערְשְׁלָאגֶען:
9 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזוּכְט אֲחַזְיָהוּ אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם בֶּעצְוְואוּנְגֶען, וָוארִין עֶר אִיז בֶּע־
הַאלְטֶען גֶעוֶועזֶען אִין שֹׁמְרוֹן, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אִיהְם גֶעבְּרַאכְט צוּ יֵהוּא, אוּנְד עֶר הָאט
אִיהְם גֶעטֵייט, אוּנְד מֶען הָאט אִיהְם בֶּעגְרוּבֶּען, וָוארִין זֵייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט
אז

אַז עֶר אִיז דֶער זוּהְן פוּן יְהוֹשָׁפָט וָואס
הָאט דֶעם הַאר גֶעפָארְשְׁט מִיט זַיין
גַאנְצֶען הַארְץ, אוּנְד דָאס הוֹיז פוּן
אֲחַזְיָהוּ הָאט נִיט גֶעהַאט קֵיין כֹּחַ אָנְ־
צוּהַאלְטֶען דִיא מְלוּכָה: 10 אוּנְד וֶוען
עֲתַלְיָהוּ דִיא מוּטֶער פוּן אֲחַזְיָהוּ הָאט
גֶעזֶעהֶען אַז אִיהְר זוּהְן אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען,
אַזוֹי אִיז זִיא אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען אוּנְד הָאט
דֶערְשְׁלָאגֶען אַלֶע קֶענִיגְלִיכֶע קִינְדֶער
פוּן דֶעם הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן יְהוּדָה: 11 אָבֶּער
יְהוֹשַׁבְעַת, דֶעם קֶענִיגְ׳ס טָאכְטֶער, הָאט
גֶענוּמֶען יוֹאָשׁ זוּהְן פוּן אֲחַזְיָהוּ אוּנְד זִיא
הָאט אִיהְם אַוֶועקְגֶעגַנְבְ׳ת פוּן צְוִוישֶׁען
דֶעם מֶלֶךְ׳ס קִינְדֶער וָואס זֶענֶען גֶעטֵייט
גֶעוָוארֶען, אוּנְד זִיא הָאט אִיהְם אַרֵיינְ־
גֶעגֶעבֶּען מִיט זַיינֶע אָנְזֵייגֶערְן אִין דֶער
שְׁלָאף קַאמֶער, אוּנְד אוֹיף אַזַא אֵיין
אוֹפָן הָאט אִיהְם יְהוֹשַׁבְעַת דֶעם מֶלֶךְ׳ס
טָאכְטֶער, דָאס וַויבּ פוּן יְהוֹיָדָע הַכֹּהֵן,
בֶּעהַאלְטֶען פָאר עֲתַלְיָהוּ, וָוארִין זִיא
אִיז גֶעוֶועזֶען דִיא שְׁוֶועסְטֶער פוּן אֲחַזְיָהוּ,
אוּנְד עֲתַלְיָהוּ הָאט אִיהְם נִיט גֶעטֵייט:
12 אוּנְד עֶר אִיז מִיט זֵייא בֶּעהַאלְטֶען
גֶעוֶועזֶען אִין דֶעם הוֹיז פוּן גָאט זֶעקְס
יָאהְר, אוּנְד עֲתַלְיָהוּ הָאט רֶעגִיעֶרְט
אִיבֶּער דֶעם לַאנְד:

בֶּן־יְהוֹשָׁפָט הוּא אֲשֶׁר־דָּרַשׁ אֶת־יְהוָה בְּכָל־לְבָבוֹ וְאֵין
לְבֵית אֲחַזְיָהוּ לַעְצֹר כֹּחַ לְמַמְלָכָה׃ וַעֲתַלְיָהוּ אֵם י
אֲחַזְיָהוּ רָאֲתָה כִּי־מֵת בְּנָהּ וַתָּקָם וַתְּדַבֵּר אֶת־כָּל־זֶרַע
הַמַּמְלָכָה לְבֵית יְהוּדָה׃ וַתִּקַּח יְהוֹשַׁבְעַת בַּת־הַמֶּלֶךְ 11
אֶת־יוֹאָשׁ בֶּן־אֲחַזְיָהוּ וַתִּגְנֹב אֹתוֹ מִתּוֹךְ בְּנֵי־הַמֶּלֶךְ
הַמּוּמָתִים וַתִּתֵּן אֹתוֹ וְאֶת־מֵינִקְתּוֹ בַּחֲדַר הַמִּטּוֹת וַתַּסְתִּירֵהוּ
יְהוֹשַׁבְעַת בַּת־הַמֶּלֶךְ יְהוֹרָם אֵשֶׁת יְהוֹיָדָע הַכֹּהֵן כִּי הִיא
הָיְתָה אֲחוֹת אֲחַזְיָהוּ מִפְּנֵי עֲתַלְיָהוּ וְלֹא הֱמִיתָתְהוּ׃
וַיְהִי אִתָּם בְּבֵית הָאֱלֹהִים מִתְחַבֵּא שֵׁשׁ שָׁנִים וַעֲתַלְיָה 12
מֹלֶכֶת עַל־הָאָרֶץ׃

## כג

כג

וּבַשָּׁנָה הַשְּׁבִעִית הִתְחַזַּק יְהוֹיָדָע וַיִּקַּח אֶת־שָׂרֵי הַמֵּאוֹת א
לַעֲזַרְיָהוּ בֶן־יְרֹחָם וּלְיִשְׁמָעֵאל בֶּן־יְהוֹחָנָן וְלַעֲזַרְיָהוּ בֶן־
עוֹבֵד וְאֶת־מַעֲשֵׂיָהוּ בֶן־עֲדָיָהוּ וְאֶת־אֱלִישָׁפָט בֶּן־זִכְרִי עִמּוֹ
בַבְּרִית׃ וַיָּסֹבּוּ בִּיהוּדָה וַיִּקְבְּצוּ אֶת־הַלְוִיִּם מִכָּל־עָרֵי 2
יְהוּדָה וְרָאשֵׁי הָאָבוֹת לְיִשְׂרָאֵל וַיָּבֹאוּ אֶל־יְרוּשָׁלִָם׃ וַיִּכְרֹת 3
כָּל־הַקָּהָל בְּרִית בְּבֵית הָאֱלֹהִים עִם־הַמֶּלֶךְ וַיֹּאמֶר לָהֶם
הִנֵּה בֶן־הַמֶּלֶךְ יִמְלֹךְ כַּאֲשֶׁר דִּבֶּר יְהוָה עַל־בְּנֵי דָוִיד׃ זֶה 4
הַדָּבָר אֲשֶׁר תַּעֲשׂוּ הַשְּׁלִשִׁית מִכֶּם בָּאֵי הַשַּׁבָּת לַכֹּהֲנִים
וְלַלְוִיִּם לְשֹׁעֲרֵי הַסִּפִּים׃ וְהַשְּׁלִשִׁית בְּבֵית הַמֶּלֶךְ וְהַשְּׁלִשִׁית ה
בְּשַׁעַר הַיְסוֹד וְכָל־הָעָם בְּחַצְרוֹת בֵּית יְהוָה׃ וְאַל־יָבוֹא 6
בֵית־יְהוָה כִּי אִם־הַכֹּהֲנִים וְהַמְשָׁרְתִים לַלְוִיִּם הֵמָּה יָבֹאוּ
כִּי־קֹדֶשׁ הֵמָּה וְכָל־הָעָם יִשְׁמְרוּ מִשְׁמֶרֶת יְהוָה׃ וְהִקִּיפוּ 7
הַלְוִיִּם אֶת־הַמֶּלֶךְ סָבִיב אִישׁ וְכֵלָיו בְּיָדוֹ וְהַבָּא אֶל־הַבַּיִת
יוּמָת וִהְיוּ אֶת־הַמֶּלֶךְ בְּבֹאוֹ וּבְצֵאתוֹ׃ וַיַּעֲשׂוּ הַלְוִיִּם וְכָל־ 8
יְהוּדָה כְּכֹל אֲשֶׁר־צִוָּה יְהוֹיָדָע הַכֹּהֵן וַיִּקְחוּ אִישׁ אֶת־
אֲנָשָׁיו בָּאֵי הַשַּׁבָּת עִם יוֹצְאֵי הַשַּׁבָּת כִּי לֹא פָטַר יְהוֹיָדָע
הַכֹּהֵן אֶת־הַמַּחְלְקוֹת׃ וַיִּתֵּן יְהוֹיָדָע הַכֹּהֵן לְשָׂרֵי 9

## קאפיטעל כג

1 אוּנְד אִין דֶעם זִיבֶּעטֶען יָאהְר הָאט זִיךְ יְהוֹיָדָע גֶעשְׁטַארְקְט, אוּנְד עֶר הָאט גֶענוּמֶען
אוֹיבֶּערְשְׁטֶע אִיבֶּער הוּנְדֶערְטֶע, דְהַיְינוּ, עֲזַרְיָה זוּהְן פוּן יְרוֹחָם, אוּנְד יִשְׁמָעֵאל זוּהְן פוּן
יְהוֹחָנָן, אוּנְד עֲזַרְיָהוּ זוּהְן פוּן עוֹבֵד, אוּנְד מַעֲשֵׂיָהוּ זוּהְן פוּן עֲדָיָה, אוּנְד אֱלִישָׁפָט זוּהְן
פוּן זִכְרִי, מִיט אִיהְם אִין דֶעם בְּרִית: 2 אוּנְד זֵייא זֶענֶען אַרוּמְגֶעגַאנְגֶען אִין יְהוּדָה,
אוּנְד זֵייא הָאבֶּען פֶערְזַאמֶעלְט דִיא לְוִיִּם אוֹיס אַלֶע שְׁטֶעט פוּן יְהוּדָה, אוּנְד דִיא רָאשֵׁי
הָאָבוֹת פוּן יִשְׂרָאֵל, אוּנְד זֵייא זֶענֶען גֶעקוּמֶען קֵיין יְרוּשָׁלַיִם: 3 אוּנְד עֶר הָאט גֶע־
מַאכְט אַ בְּרִית מִיט דֶעם גַאנְצֶען קָהָל אִין דֶעם הוֹיז פוּן גָאט מִיט דֶעם מֶלֶךְ, אוּנְד עֶר
הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, זֶעהְט, דֶער מֶלֶךְ׳ס זוּהְן זָאל רֶעגִירֶען, אַזוֹי וִויא דֶער הַאר הָאט
גֶערֶעט וֶועגֶען דִיא זִיהְן פוּן דָוִיד: 4 דָאס אִיז דִיא זַאךְ וָואס אִיהְר זָאלְט טְהוּן, אַ
דְרִיט חֵלֶק פוּן אֵייךְ זָאלֶען אַרֵיינְקוּמֶען אַם שַׁבָּת, פוּן דִיא כֹּהֲנִים אוּנְד פוּן דִיא לְוִיִּם
זָאלֶען זַיין טִיעֶר־הִיטֶערְס פוּן דֶער שְׁוֶועל: 5 אוּנְד אַ דְרִיט חֵלֶק זָאל זַיין אִין דֶעם
מֶלֶךְ׳ס הוֹיז, אוּנְד אַ דְרִיט חֵלֶק (זָאל הִיטֶען) אַן דֶעם טוֹיעֶר פוּן דֶעם גְרוּנְד, אוּנְד דָאס
גַאנְצֶע פָאלְק זָאל זַיין אִין דֶעם הוֹיף פוּן דֶעם הַאר׳ס הוֹיז: 6 אוּנְד אִיהְר זָאלְט קֵיינֶעם
נִיט לָאזֶען אַרֵיינְקוּמֶען אִין דֶעם הַאר׳ס הוֹיז, נָאר דִיא כֹּהֲנִים, אוּנְד דִיא מְשָׁרְתִים
וָואס זֶענֶען פוּן דִיא לְוִיִּם, זֵייא זָאלֶען אַרֵיינְקוּמֶען, וָוארִין זֵייא זֶענֶען הֵיילִיג, אָבֶּער
דָאס גַאנְצֶע פָאלְק זָאל הִיטֶען דִיא הִיטוּנְג פוּן דֶעם הַאר: 7 אוּנְד דִיא לְוִיִּם זָאלֶען
אַרוּמְרִינְגֶעלְן דֶעם קֶענִיג, אִיטְלִיכֶער מִיט זַיין כְּלִי זַיין אִין זַיינֶע הַאנְד. אוּנְד אִיטְלִיכֶער
(אַנְדֶערֶער) וָואס וֶועט אַרֵיינְקוּמֶען אִין דֶעם הוֹיז זָאל גֶעטֵייטֶעט וֶוערֶען, אָבֶּער אִיהְר
זָאלְט זַיין מִיט דֶעם מֶלֶךְ וֶוען עֶר קוּמְט אַרֵיין אוּנְד וֶוען עֶר גֶעהְט אַרוֹיס: 8 אוּנְד
דִיא לְוִיִּם אוּנְד גַאנְץ יְהוּדָה הָאבֶּען גֶעטְהוּן אַלֶעס אַזוֹי וִויא יְהוֹיָדָע הַכֹּהֵן הָאט גֶע־
בָּאטֶען, אוּנְד אִיטְלִיכֶער הָאט גֶענוּמֶען זַיינֶע מֶענֶער מִיט דִיא וָואס זָאלֶען אַרֵיינְקוּמֶען
אַם שַׁבָּת, אוּנְד מִיט דִיא וָואס זָאלֶען אַרוֹיסְגֶעהְן אַם שַׁבָּת, וָוארִין יְהוֹיָדָע הַכֹּהֵן הָאט נִיט
אַוֶועקְגֶעלָאזְט דִיא אָפְּטֵיילוּנְגֶען: 9 אוּנְד יְהוֹיָדָע הַכֹּהֵן הָאט גֶעגֶעבֶּען צוּ דִיא אוֹיבֶּערְשְׁטֶע

איבער

הַמֵּאוֹת אֶת־הַחֲנִיתִים וְאֶת־הַמָּגִנּוֹת וְאֶת־הַשְּׁלָטִים אֲשֶׁר
י לַמֶּלֶךְ דָּוִיד אֲשֶׁר בֵּית הָאֱלֹהִים׃ וַיַּעֲמֵד אֶת־כָּל־הָעָם
וְאִישׁ ׀ שִׁלְחוֹ בְיָדוֹ מִכֶּתֶף הַבַּיִת הַיְמָנִית עַד־כֶּתֶף הַבַּיִת
11 הַשְּׂמָאלִית לַמִּזְבֵּחַ וְלַבָּיִת עַל־הַמֶּלֶךְ סָבִיב׃ וַיּוֹצִיאוּ אֶת־
בֶּן־הַמֶּלֶךְ וַיִּתְּנוּ עָלָיו אֶת־הַנֵּזֶר וְאֶת־הָעֵדוּת וַיַּמְלִיכוּ אֹתוֹ
12 וַיִּמְשָׁחֻהוּ יְהוֹיָדָע וּבָנָיו וַיֹּאמְרוּ יְחִי הַמֶּלֶךְ׃ וַתִּשְׁמַע
עֲתַלְיָהוּ אֶת־קוֹל הָעָם הָרָצִים וְהַמְהַלְלִים אֶת־הַמֶּלֶךְ וַתָּבוֹא
13 אֶל־הָעָם בֵּית יְהוָה׃ וַתֵּרֶא וְהִנֵּה הַמֶּלֶךְ עוֹמֵד עַל־עַמּוּדוֹ
בַּמָּבוֹא וְהַשָּׂרִים וְהַחֲצֹצְרוֹת עַל־הַמֶּלֶךְ וְכָל־עַם הָאָרֶץ
שָׂמֵחַ וְתוֹקֵעַ בַּחֲצֹצְרוֹת וְהַמְשׁוֹרְרִים בִּכְלֵי הַשִּׁיר וּמוֹדִיעִים
לְהַלֵּל וַתִּקְרַע עֲתַלְיָהוּ אֶת־בְּגָדֶיהָ וַתֹּאמֶר קֶשֶׁר קָשֶׁר׃
14 וַיּוֹצֵא יְהוֹיָדָע הַכֹּהֵן אֶת־שָׂרֵי הַמֵּאוֹת ׀ פְּקוּדֵי הַחַיִל
וַיֹּאמֶר אֲלֵהֶם הוֹצִיאוּהָ אֶל־מִבֵּית הַשְּׂדֵרוֹת וְהַבָּא אַחֲרֶיהָ
יוּמַת בֶּחָרֶב כִּי אָמַר הַכֹּהֵן לֹא תְמִיתוּהָ בֵּית יְהוָה׃
טו וַיָּשִׂימוּ לָהּ יָדַיִם וַתָּבוֹא אֶל־מְבוֹא שַׁעַר־הַסּוּסִים בֵּית
16 הַמֶּלֶךְ וַיְמִיתוּהָ שָׁם׃ וַיִּכְרֹת יְהוֹיָדָע בְּרִית בֵּינוֹ
17 וּבֵין כָּל־הָעָם וּבֵין הַמֶּלֶךְ לִהְיוֹת לְעָם לַיהוָה׃ וַיָּבֹאוּ כָל־
הָעָם בֵּית־הַבַּעַל וַיִּתְּצֻהוּ וְאֶת־מִזְבְּחֹתָיו וְאֶת־צְלָמָיו שִׁבֵּרוּ
18 וְאֵת מַתָּן כֹּהֵן הַבַּעַל הָרְגוּ לִפְנֵי הַמִּזְבְּחוֹת׃ וַיָּשֶׂם יְהוֹיָדָע
פְּקֻדֹּת בֵּית יְהוָה בְּיַד הַכֹּהֲנִים הַלְוִיִּם אֲשֶׁר חָלַק דָּוִיד
עַל־בֵּית יְהוָה לְהַעֲלוֹת עֹלוֹת יְהוָה כַּכָּתוּב בְּתוֹרַת מֹשֶׁה
19 בְּשִׂמְחָה וּבְשִׁיר עַל יְדֵי דָוִיד׃ וַיַּעֲמֵד הַשּׁוֹעֲרִים עַל־שַׁעֲרֵי
כ בֵּית יְהוָה וְלֹא־יָבֹא טָמֵא לְכָל־דָּבָר׃ וַיִּקַּח אֶת־שָׂרֵי
הַמֵּאוֹת וְאֶת־הָאַדִּירִים וְאֶת־הַמּוֹשְׁלִים בָּעָם וְאֵת ׀ כָּל־עַם
הָאָרֶץ וַיּוֹרֶד אֶת־הַמֶּלֶךְ מִבֵּית יְהוָה וַיָּבֹאוּ בְּתוֹךְ־שַׁעַר
הָעֶלְיוֹן בֵּית הַמֶּלֶךְ וַיּוֹשִׁיבוּ אֶת־הַמֶּלֶךְ עַל כִּסֵּא הַמַּמְלָכָה׃

איבער די הונדערטע די שפּיזען אונד די פּאנצער אונד די שְׁלָטִים וואס האבען געהערט צו דָּוִד הַמֶּלֶךְ, וואס זענען געוועזען אין גאט'ס הויז:

10 אונד ער האט אנגעשטעלט דאס גאנצע פאלק, איטליכער מאן האט געהאלטען זיין שווערד אין זיינע האנד, אין דער זייט פון דעם הויז, פון דער רעכטער זייט פון דעם הויז ביז צו דער לינקער זייט, פאר דעם מִזְבֵּחַ אונד פאר דעם הויז, ביי דעם מֶלֶךְ רינגס ארום:

11 אונד זייא האבען ארויסגעבראכט דעם מֶלֶךְ'ס זוהן, אונד זייא האבען אויף איהם געגעבען די קרוין, אונד דאס צייגניס, אונד זייא האבען איהם גע־קרוינט, אונד יְהוֹיָדָע האט איהם גע־זאלבט מיט זיינע זיהן, אונד זייא האבען געזאגט, „דער מֶלֶךְ זאל לעבען“!

12 אונד ווען עֲתַלְיָהוּ האט געהערט דאס קול פון דעם פאלק וואס זענען געלאפען, אונד האבען געלויבט דעם קעניג, אזוי איז זיא געקומען צו דעם פאלק אין דעם הויז פון דעם האר:

13 אונד ווען זיא האט געזעהען דעם מֶלֶךְ שטעהן אויף זיינע זייל ביי דעם אריינקומען, אונד די אויבערשטע, אונד די טראמפּעטער ביי דעם מֶלֶךְ, אונד אז דאס גאנצע פאלק פון דעם לאנד האט זיך געפרייט, אונד מען האט געבלאזען מיט די טראמפּעטען, אונד די מְשֹׁרְרִים האבען געזונגען אונד גע־שפּילט, אונד האבען בעקאנט געמאכט צו לויבען, אזוי האט עֲתַלְיָהוּ צוריסען איהרע קליידער, אונד זיא האט געזאגט, עס איז א בונד פון מְרִידָה: 14 אונד יְהוֹיָדָע הַכֹּהֵן האט ארויסגעבראכט די אויבערשטע איבער די הונדערטע, די בעפעהלער פון דעם חַיִל, אונד ער האט צו זייא געזאגט ברענגט זיא ארויס פון אינעווייניג פון דער אנריכטונג, אונד איטליכער וואס געהט איהר נאך זאל געטייט ווערען מיט דעם שווערד, וואָרין דער כֹּהֵן האט געזאגט איהר זאלט זיא ניט טייטען אין דעם האר'ס הויז: 15 אזוי האבען זייא זייערע הענד אן איהר געלעגט, אונד ווען זיא איז אנגעקומען צו דעם אריינגעהן פון דעם פערד־טויער פון דעם מֶלֶךְ'ס הויז אזוי האבען זייא זיא דארט געטייט:

16 אונד יְהוֹיָדָע האט געמאכט א בְּרִית צווישען זיך אונד צווישען דעם גאנצען פאלק אונד צווישען דעם מֶלֶךְ אז זייא זאלען זיין א פאלק צו דעם האר: 17 אונד דאס גאנצע פאלק איז אריינגעקומען צו דעם הויז פון בַּעַל, אונד זייא האבען עס אפּגעבראכען אונד זיינע מִזְבְּחוֹת אונד זיינע צְלָמִים האבען זייא צו־בראכען, אונד מַתָּן דעם כֹּהֵן פון בַּעַל האבען זייא דערשלאגען פאר די מִזְבְּחוֹת:

18 אונד יְהוֹיָדָע האט אנגעשטעלט בעפעהלער איבער דעם הויז פון דעם האר, דורך די כֹּהֲנִים אונד די לְוִיִּם וואס דָּוִד האט אפּגעטיילט איבער דעם הויז פון דעם האר, כְּדֵי אויפצוברענגען די קָרְבָּן עֹלוֹת פון גאט, אזוי וויא עס שטעהט געשריבען אין תּוֹרַת משֶׁה, מיט שִׂמְחָה אונד געזאנג דורך דָּוִד: 19 אונד ער האט אנגעשטעלט די טויער־היטער איבער דעם האר'ס הויז, אז עס זאל קיין שום אומרייניגער אין קיינערלייא זאך אריינקומען: 20 אונד ער האט גענומען די אויבערשטע איבער די הונדערטע אונד די שטארקע לייט, אונד די געוועלטיגער איבער דעם פאלק, אונד דאס גאנצע פאלק פון דעם לאנד, אונד ער האט ארונטערגעבראכט דעם קעניג פון דעם האר'ס הויז, אונד זייא זענען אריינגעקומען דורך דעם אויבערשטען טויער אין דעם מֶלֶךְ'ס הויז, אונד זייא האבען געזעצט דעם מֶלֶךְ אויף דעם קעניגליכען טרון־שטול:

י בֶּחָ֑רֶב וּבָנֵ֨ינוּ וּבְנוֹתֵ֧ינוּ וְנָשֵׁ֛ינוּ בַּשְּׁבִ֖י עַל־זֹֽאת׃ עַתָּה֙ עִם־
לְבָבִ֔י לִכְר֣וֹת בְּרִ֔ית לַיהוָ֖ה אֱלֹהֵ֣י יִשְׂרָאֵ֑ל וְיָשֹׁ֥ב מִמֶּ֖נּוּ חֲר֥וֹן
11 אַפּֽוֹ׃ בָּנַ֕י עַתָּ֖ה אַל־תִּשָּׁל֑וּ כִּֽי־בָכֶ֞ם בָּחַ֣ר יְהוָ֗ה לַעֲמֹ֤ד
12 לְפָנָיו֙ לְשָׁ֣רְת֔וֹ וְלִהְי֥וֹת ל֖וֹ מְשָׁרְתִ֥ים וּמַקְטִרִֽים׃ וַיָּקֻ֣מוּ
הַלְוִיִּ֡ם מַ֣חַת בֶּן־עֲמָשַׂי֩ וְיוֹאֵ֨ל בֶּן־עֲזַרְיָ֜הוּ מִן־בְּנֵ֣י הַקְּהָתִ֗י
וּמִן־בְּנֵ֣י מְרָרִ֔י קִ֚ישׁ בֶּן־עַבְדִּ֔י וַעֲזַרְיָ֖הוּ בֶּן־יְהַלֶּלְאֵ֑ל וּמִן־
13 הַגֵּ֣רְשֻׁנִּ֔י יוֹאָח֙ בֶּן־זִמָּ֔ה וְעֵ֖דֶן בֶּן־יוֹאָֽח׃ וּמִן־בְּנֵי֙ אֱלִ֣יצָפָ֔ן
שִׁמְרִ֖י וִיעוּאֵ֑ל וּמִן־בְּנֵ֣י אָסָ֔ף זְכַרְיָ֖הוּ וּמַתַּנְיָֽהוּ׃
14 וּמִן־בְּנֵ֥י הֵימָ֖ן יְחוּאֵ֣ל וְשִׁמְעִ֑י וּמִן־בְּנֵ֣י יְדוּת֔וּן שְֽׁמַעְיָ֖ה
טו וְעֻזִּיאֵֽל׃ וַיַּאַסְפ֤וּ אֶת־אֲחֵיהֶם֙ וַיִּֽתְקַדְּשׁ֔וּ וַיָּבֹ֥אוּ כְמִצְוַת־
16 הַמֶּ֖לֶךְ בְּדִבְרֵ֣י יְהוָ֑ה לְטַהֵ֖ר בֵּ֥ית יְהוָֽה׃ וַיָּבֹ֨אוּ הַכֹּהֲנִ֜ים
לִפְנִ֣ימָה בֵית־יְהוָה֮ לְטַהֵר֒ וַיּוֹצִ֗יאוּ אֵ֤ת כָּל־הַטֻּמְאָה֙ אֲשֶׁ֣ר
מָצְא֔וּ בְּהֵיכַ֣ל יְהוָ֔ה לַחֲצַ֖ר בֵּ֣ית יְהוָ֑ה וַֽיְקַבְּלוּ֙ הַלְוִיִּ֔ם
17 לְהוֹצִ֥יא לְנַֽחַל־קִדְר֖וֹן חֽוּצָה׃ וַ֠יָּחֵלּוּ בְּאֶחָ֨ד לַחֹ֤דֶשׁ הָֽרִאשׁוֹן֙
לְקַדֵּ֔שׁ וּבְי֧וֹם שְׁמוֹנָ֣ה לַחֹ֗דֶשׁ בָּ֚אוּ לְאוּלָ֣ם יְהוָ֔ה וַיְקַדְּשׁ֥וּ
אֶת־בֵּית־יְהוָ֖ה לְיָמִ֣ים שְׁמוֹנָ֑ה וּבְי֨וֹם שִׁשָּׁ֥ה עָשָׂ֛ר לַחֹ֥דֶשׁ
18 הָרִאשׁ֖וֹן כִּלּֽוּ׃ וַיָּב֤וֹאוּ פְנִ֙ימָה֙ אֶל־חִזְקִיָּ֣הוּ הַמֶּ֔לֶךְ
וַיֹּ֣אמְר֔וּ טִהַ֖רְנוּ אֶת־כָּל־בֵּ֣ית יְהוָ֑ה וְאֶת־מִזְבַּ֤ח הָֽעוֹלָה֙
19 וְאֶת־כָּל־כֵּלָ֔יו וְאֶת־שֻׁלְחַ֥ן הַֽמַּעֲרֶ֖כֶת וְאֶת־כָּל־כֵּלָֽיו׃ וְאֵ֣ת
כָּל־הַכֵּלִ֗ים אֲשֶׁ֨ר הִזְנִ֜יחַ הַמֶּ֧לֶךְ אָחָ֛ז בְּמַלְכוּת֥וֹ בְּמַעֲל֖וֹ
כ הֵכַ֣נּוּ וְהִקְדָּ֑שְׁנוּ וְהִנָּ֕ם לִפְנֵ֖י מִזְבַּ֥ח יְהוָֽה׃ וַיַּשְׁכֵּם֙
יְחִזְקִיָּ֣הוּ הַמֶּ֔לֶךְ וַיֶּאֱסֹ֕ף אֵ֖ת שָׂרֵ֣י הָעִ֑יר וַיַּ֖עַל בֵּ֥ית יְהוָֽה׃
21 וַיָּבִ֣יאוּ פָרִֽים־שִׁבְעָ֡ה וְאֵילִ֣ים שִׁבְעָה֩ וּכְבָשִׂ֨ים שִׁבְעָ֜ה
וּצְפִירֵ֧י עִזִּ֣ים שִׁבְעָ֗ה לְחַטָּ֛את עַל־הַמַּמְלָכָ֥ה וְעַל־הַמִּקְדָּ֖שׁ
וְעַל־יְהוּדָ֑ה וַיֹּ֗אמֶר לִבְנֵ֤י אַהֲרֹן֙ הַכֹּ֣הֲנִ֔ים לְהַעֲל֖וֹת עַל־
22 מִזְבַּ֥ח יְהוָֽה׃ וַֽיִּשְׁחֲטוּ֙ הַבָּקָ֔ר וַיְקַבְּל֤וּ הַכֹּֽהֲנִים֙ אֶת־הַדָּ֔ם
וַיִּזְרְק֖וּ הַמִּזְבֵּ֑חָה וַיִּשְׁחֲט֣וּ הָאֵלִ֗ים וַיִּזְרְק֤וּ הַדָּם֙ הַמִּזְבֵּ֔חָה
23 וַֽיִּשְׁחֲטוּ֙ הַכְּבָשִׂ֔ים וַיִּזְרְק֥וּ הַדָּ֖ם הַמִּזְבֵּֽחָה׃ וַיַּגִּ֙ישׁוּ֙ אֶת־

דורך דעם שווערד, אונד אונזערע זיהן אונד אונזערע טעכטער אונד אונזערע ווייבער זענען איבער דעם דאזיגען געפאנגען געווארען: 10 אצונד איז עס אין מיין הארץ כורת ברית צו זיין מיט דעם האר, דעם גאט פון ישראל, כדי ער זאל פון אונס אפקעהרען זיין גרימצארן: 11 מיינע קינדער, לאזט אייך אצונד ניט גענארען, ווארין דער האר האט אייך אויסדערוועהלט אז איהר זאלט פאר איהם שטעהן, כדי איהם צו דינגען, אונד אז איהר זאלט זיין זיינע משרתים אונד מקטיר צו זיין: 12 אזוי זענען דיא לוים אויפגעשטאנען, דהיינו, מחת זוהן פון עמשי, אונד יואל זוהן פון עזריהו, פון דיא בני קהת, אונד פון דיא בני מררי, קיש זוהן פון עבדי, אונד עזריהו זוהן פון יהללאל, אונד פון דעם גרשני, יואח זוהן פון זמה, אונד עדן זוהן פון יואח: 13 אונד פון דיא זיהן פון אליצפן איז געוועזען שמרי אונד יעיאל, אונד פון דיא זיהן פון אסף, זכריהו אונד מתניהו: 14 אונד פון דיא זיהן פון הימן, יחיאל אונד שמעי, אונד פון דיא זיהן פון ידותון, שמעיה אונד עזיאל: 15 אונד זייא האבען פערזאמעלט זיירע ברידער, אונד זייא האבען זיך געהייליגט, אונד זייא זענען געקומען אויף דעם בעפעהל פון דעם מלך, דורך דעם ווארט פון דעם האר, צו רייניגען דעם האר׳ס הויז: 16 אונד דיא כהנים זענען אריינגעקומען אינעווייניג צו רייניגען דעם האר׳ס הויז, אונד זייא האבען ארויסגעבראכט אלעס אומריינע וואס זייא האבען געפונען אין דעם היכל פון דעם האר צו דעם הויף פון דעם האר׳ס הויז, אונד דיא לוים האבען עס גענומען ארויס צובריינגען צו דעם טייך קדרון: 17 זייא האבען אנגעהויבען אן דעם ערשטען טאג פון דעם ערשטען חדש צו הייליגען, אונד אן דעם אכטען טאג זענען זייא געקומען צו דעם פארהויז פון דעם האר; אונד אזוי האבען זייא געהייליגט דעם האר׳ס הויז אכט טעג, אונד אין דעם זעכצעהנטען טאג פון דעם ערשטען חדש האבען זייא עס פערלענדט: 18 אונד זייא זענען אריינגעקומען אינעווייניג צו חזקיהו המלך אונד זייא האבען געזאגט, מיר האבען גערייניגט דאס גאנצע הויז פון דעם האר, אונד דעם מזבח פון דעם בראנד־אפפער, אונד אלע זיינע כלים, אונד דעם טיש פאר דעם אנריכטען (פון דעם לחם הפנים), אונד אלע זיינע כלים: 19 אונד אויך אלע כלים וואס דער מלך אחז האט פערווארפען ווען ער האט רעגיערט אין זיינע זינד, האבען מיר אנגעברייט אונד זייא געהייליגט, אונד זעה, זייא זענען פאר דעם מזבח פון דעם האר: 20 אזוי איז יחזקיהו המלך אין דער פריה אויפגעשטאנען אונד ער האט פערזאמעלט דיא אויבערשטע פון דער שטאט, אונד איז ארויפגעגאנגען אין דעם האר׳ס הויז: 21 אונד זייא האבען געבראכט זיבען אקסען, אונד זיבען ווידער, אונד זיבען שאף, אונד זיבען ציגען־בעק פאר א קרבן חטאת פאר דעם קעניגרייך, אונד פאר דעם בית המקדש, אונד פאר יהודה, אונד ער האט געזאגט צו דיא זיהן פון אהרן דיא כהנים, אז זייא זאלען דאס מקריב זיין אויף דעם מזבח פון דעם האר: 22 אונד זייא האבען געשאכטען דיא רינדער, אונד דיא כהנים האבען גענומען דאס בלוט אונד זייא האבען עס געשפרענגט אויף דעם מזבח, אונד זייא האבען געשאכטען דיא ווידער אונד זייא האבען געשפרענגט דאס בלוט אויף דעם מזבח, אונד זייא האבען געשאכטען דיא שאף אונד זייא האבען געשפרענגט דאס בלוט אויף דעם מזבח: 23 אונד זייא האבען גענעהנט דיא

שְׂעִירֵי הַחַטָּאת לִפְנֵי הַמֶּלֶךְ וְהַקָּהָל וַיִּסְמְכוּ יְדֵיהֶם עֲלֵיהֶם׃
וַיִּשְׁחָטוּם הַכֹּהֲנִים וַיְחַטְּאוּ אֶת־דָּמָם הַמִּזְבֵּחָה לְכַפֵּר 24
עַל־כָּל־יִשְׂרָאֵל כִּי לְכָל־יִשְׂרָאֵל אָמַר הַמֶּלֶךְ הָעוֹלָה
וְהַחַטָּאת׃ וַיַּעֲמֵד אֶת־הַלְוִיִּם בֵּית יְהוָה בִּמְצִלְתַּיִם בִּנְבָלִים כה
וּבְכִנֹּרוֹת בְּמִצְוַת דָּוִיד וְגָד חֹזֵה־הַמֶּלֶךְ וְנָתָן הַנָּבִיא כִּי
בְיַד־יְהוָה הַמִּצְוָה בְּיַד נְבִיאָיו׃ וַיַּעַמְדוּ הַלְוִיִּם 26
בִּכְלֵי דָוִיד וְהַכֹּהֲנִים בַּחֲצֹצְרוֹת׃ וַיֹּאמֶר חִזְקִיָּהוּ לְהַעֲלוֹת 27
הָעֹלָה לְהַמִּזְבֵּחַ וּבְעֵת הֵחֵל הָעוֹלָה הֵחֵל שִׁיר־יְהוָה
וְהַחֲצֹצְרוֹת וְעַל־יְדֵי כְּלֵי דָּוִיד מֶלֶךְ יִשְׂרָאֵל׃ וְכָל־הַקָּהָל 28
מִשְׁתַּחֲוִים וְהַשִּׁיר מְשׁוֹרֵר וְהַחֲצֹצְרוֹת מַחְצְצְרִים הַכֹּל
עַד לִכְלוֹת הָעֹלָה׃ וּכְכַלּוֹת לְהַעֲלוֹת כָּרְעוּ הַמֶּלֶךְ וְכָל־ 29
הַנִּמְצְאִים אִתּוֹ וַיִּשְׁתַּחֲווּ׃ וַיֹּאמֶר יְחִזְקִיָּהוּ הַמֶּלֶךְ ל
וְהַשָּׂרִים לַלְוִיִּם לְהַלֵּל לַיהוָה בְּדִבְרֵי דָוִיד וְאָסָף הַחֹזֶה
וַיְהַלְלוּ עַד־לְשִׂמְחָה וַיִּקְּדוּ וַיִּשְׁתַּחֲווּ׃ וַיַּעַן יְחִזְקִיָּהוּ 31
וַיֹּאמֶר עַתָּה מִלֵּאתֶם יֶדְכֶם לַיהוָה גֹּשׁוּ וְהָבִיאוּ זְבָחִים
וְתוֹדוֹת לְבֵית יְהוָה וַיָּבִיאוּ הַקָּהָל זְבָחִים וְתוֹדוֹת וְכָל־
נְדִיב לֵב עֹלוֹת׃ וַיְהִי מִסְפַּר הָעֹלָה אֲשֶׁר־הֵבִיאוּ הַקָּהָל 32
בָּקָר שִׁבְעִים אֵילִים מֵאָה כְּבָשִׂים מָאתָיִם לְעֹלָה לַיהוָה
כָּל־אֵלֶּה׃ וְהַקֳּדָשִׁים בָּקָר שֵׁשׁ מֵאוֹת וְצֹאן שְׁלֹשֶׁת אֲלָפִים׃ 33
רַק הַכֹּהֲנִים הָיוּ לִמְעָט וְלֹא יָכְלוּ לְהַפְשִׁיט אֶת־כָּל־ 34
הָעֹלוֹת וַיְחַזְּקוּם אֲחֵיהֶם הַלְוִיִּם עַד־כְּלוֹת הַמְּלָאכָה וְעַד־
יִתְקַדְּשׁוּ הַכֹּהֲנִים כִּי הַלְוִיִּם יִשְׁרֵי לֵבָב לְהִתְקַדֵּשׁ מֵהַכֹּהֲנִים׃
וְגַם־עֹלָה לָרֹב בְּחֶלְבֵי הַשְּׁלָמִים וּבַנְּסָכִים לָעֹלָה וַתִּכּוֹן לה
עֲבוֹדַת בֵּית־יְהוָה׃ וַיִּשְׂמַח יְחִזְקִיָּהוּ וְכָל־הָעָם עַל הַהֵכִין 36
הָאֱלֹהִים לָעָם כִּי בְּפִתְאֹם הָיָה הַדָּבָר׃

ל

ל
וַיִּשְׁלַח יְחִזְקִיָּהוּ עַל־כָּל־יִשְׂרָאֵל וִיהוּדָה וְגַם־אִגְּרוֹת כָּתַב א

ציגען־בעק פאר דעם קָרְבָּן חַטָּאת, פאר
דעם מֶלֶךְ אונד דעם קָהָל, אונד זייא האָ־
בען אויף זייא געלעגט זייערע הענד:
24 אונד דיא כֹּהֲנִים האָבען זייא געשאָכ־
טען, אונד מיט זייער בלוט האָבען זייא
גערייניגט דעם מִזְבֵּחַ, כְּדֵי מְכַפֵּר צו זיין
פאר גאנץ יִשְׂרָאֵל, וואָרין דער מֶלֶךְ האָט
בעפוילען אז דאָס קָרְבָּן עוֹלָה אונד דאָס
קָרְבָּן חַטָּאת זאָל געמאַכט ווערען פאר
גאנץ יִשְׂרָאֵל: 25 אונד ער האָט אָנגע־
שטעלט דיא לְוִיִּם אין דעם הויז פון דעם
האר מיט צימבעלן, מיט פידעל אונד מיט
האַרפּען, נאָך דעם געבאָט פון דָוִיד, אונד
גָד דעם מֶלֶךְ'ס נָבִיא, אונד פון נָתָן הַנָּבִיא,
וואָרין דאָס איז געוועזען דאָס געבאָט פון
דעם האר דורך זיינע נְבִיאִים: 26 אונד
דיא לְוִיִּם זענען געשטאַנען מיט דיא כְּלֵי
זֶמֶר פון דָוִיד, אונד דיא כֹּהֲנִים מיט דיא
טראָמפּעטען: 27 אונד חִזְקִיָּהוּ האָט בע־
פוילען אז מען זאָל מַקְרִיב זיין דאָס קָרְבָּן
עוֹלָה אויף דעם מִזְבֵּחַ, אונד ווען מען האָט
אָנגעהויבען מַקְרִיב צו זיין דאָס קָרְבָּן
עוֹלָה אַזוֹי האָט זיך אָנגעהויבען דער געד
זאַנג צו דעם האר מיט דיא טראָמפּעטען,
אונד מיט דיא כְּלֵי זֶמֶר פון דָוִיד מֶלֶךְ פון יִשְׂרָאֵל: 28 אונד דיא גאַנצע פערזאַמלונג
האָט זיך געבּיקט, אונד דיא מְשׁוֹרְרִים האָבען געזונגען, אונד דיא טראָמפּעטער האָבען
טראָמפּעטערט, אונד דאָס האָט אַלעס געדויערט ביז מען האָט אויפגעהערט מַקְרִיב
צו זיין דאָס קָרְבָּן עֹלָה: 29 אונד ווען מען האָט געענדיגט מַקְרִיב צו זיין אַזוֹי האָט זיך
דער מֶלֶךְ אַנידער געקניעט אונד אַלע וואָס זענען מיט איהם געוועזען, אונד זייא האָ־
בען זיך געבּיקט: 30 אונד יְחִזְקִיָּהוּ הַמֶּלֶךְ אונד דיא איבערשטע האָבען בעפוילען צו
דיא לְוִיִּם אַז זייא זאָלען (זינגען) לויב צו דעם האר נאָך דיא ווערטער פון דָוִיד, אונד
אָסָף דעם זעהער, אונד זייא האָבען געלויבט ביז זייא זענען פרעהליך געוואָרען, אונד
זייא האָבען זיך געבייגט אונד געבּיקט: 31 אונד יְחִזְקִיָּהוּ האָט געענטפערט אונד האָט
געזאָגט, אַצונד אַז איהר האָט אייערע הענד געפילט צו דעם האר, אַזוֹי גענעהנט, אונד
ברענגט זְבָחִים אונד קָרְבָּן תּוֹדוֹת אין דעם הויז פון דעם האר, אַזוֹי האָט דאָס קָהָל
געבראַכט זְבָחִים אונד קָרְבָּן תּוֹדוֹת, אונד איטליכעס וויליגע הארץ האָט געבראַכט
קָרְבָּן עֹלוֹת: 32 אונד דיא צאָל פון דיא עֹלוֹת וואָס דאָס קָהָל האָט געבראַכט איז
געוועזען זיבעציג רינדער, אונד הונדערט ווידער, אונד צוויא הונדערט שאָף, אַלע
דיא דאָזיגע זענען געוועזען פאַר אַ קָרְבָּן עֹלָה צו דעם האר: 33 אונד דיא געהייליגטע
זאַכען זענען געוועזען זעכס הונדערט רינדער אונד דרייא טויזענד שאָף: 34 אָבער
דיא כֹּהֲנִים זענען צו ווענִיג געוועזען, אונד זייא האָבען ניט געקענט אָפּציהען (דיא
פעל) פון אַלע קָרְבָּן עֹלוֹת, אַזוֹי האָבען זייערע ברידער דיא לְוִיִּם זייא געהאָלפען ביז
דיא אַרבייט איז אין גאַנצען געמאַכט געוואָרען, אונד ביז דיא אַנדערע כֹּהֲנִים האָבען
זיך געהייליגט, וואָרין דיא לְוִיִּם זענען מעהר רעכטפאַרטיג געוועזען אין זייער האַרץ
זיך צו הייליגען וויא דיא כֹּהֲנִים: 35 אונד דיא קָרְבָּן עֹלוֹת זענען אויך פיל געוועזען,
מיט דעם פעט פון דיא קָרְבָּן שְׁלָמִים, אונד מיט דיא טרינק־אָפּפער פאַר איטליכען
קָרְבָּן עֹלָה; אונד אַזוֹי איז דער דינסט פון דעם האר'ס הויז אָנגעבּרייט געוואָרען:
36 אונד יְחִזְקִיָּהוּ אונד דאָס גאַנצע פאָלק האָט זיך געפרייט איבער דעם וואָס גאָט
האָט אָנגעבּרייט פאַר דעם פאָלק, וואָרין דיא זאַך איז פּלוצלונג געשעהען:

קאפיטעל ל

1 אונד יְחִזְקִיָּהוּ האָט אַהינגעשיקט צו גאַנץ יִשְׂרָאֵל אונד יְהוּדָה, אונד ער האָט אויך

געשריבען

עַל־אֶפְרַיִם וּמְנַשֶּׁה לָבוֹא לְבֵית־יְהוָה בִּירוּשָׁלָםִ לַעֲשׂוֹת
2 פֶּסַח לַיהוָה אֱלֹהֵי יִשְׂרָאֵל׃ וַיִּוָּעַץ הַמֶּלֶךְ וְשָׂרָיו וְכָל־
3 הַקָּהָל בִּירוּשָׁלָםִ לַעֲשׂוֹת הַפֶּסַח בַּחֹדֶשׁ הַשֵּׁנִי׃ כִּי לֹא
יָכְלוּ לַעֲשֹׂתוֹ בָּעֵת הַהִיא כִּי הַכֹּהֲנִים לֹא־הִתְקַדְּשׁוּ לְמַדַּי
4 וְהָעָם לֹא־נֶאֶסְפוּ לִירוּשָׁלָםִ׃ וַיִּישַׁר הַדָּבָר בְּעֵינֵי הַמֶּלֶךְ
ה וּבְעֵינֵי כָּל־הַקָּהָל׃ וַיַּעֲמִידוּ דָבָר לְהַעֲבִיר קוֹל בְּכָל־
יִשְׂרָאֵל מִבְּאֵר־שֶׁבַע וְעַד־דָּן לָבוֹא לַעֲשׂוֹת פֶּסַח לַיהוָה
6 אֱלֹהֵי־יִשְׂרָאֵל בִּירוּשָׁלָםִ כִּי לֹא לָרֹב עָשׂוּ כַּכָּתוּב׃ וַיֵּלְכוּ
הָרָצִים בָּאִגְּרוֹת מִיַּד הַמֶּלֶךְ וְשָׂרָיו בְּכָל־יִשְׂרָאֵל וִיהוּדָה
וּכְמִצְוַת הַמֶּלֶךְ לֵאמֹר בְּנֵי יִשְׂרָאֵל שׁוּבוּ אֶל־יְהוָה אֱלֹהֵי
אַבְרָהָם יִצְחָק וְיִשְׂרָאֵל וְיָשֹׁב אֶל־הַפְּלֵיטָה הַנִּשְׁאֶרֶת
7 לָכֶם מִכַּף מַלְכֵי אַשּׁוּר׃ וְאַל־תִּהְיוּ כַּאֲבוֹתֵיכֶם וְכַאֲחֵיכֶם
אֲשֶׁר מָעֲלוּ בַּיהוָה אֱלֹהֵי אֲבוֹתֵיהֶם וַיִּתְּנֵם לְשַׁמָּה כַּאֲשֶׁר
8 אַתֶּם רֹאִים׃ עַתָּה אַל־תַּקְשׁוּ עָרְפְּכֶם כַּאֲבוֹתֵיכֶם תְּנוּ־יָד
לַיהוָה וּבֹאוּ לְמִקְדָּשׁוֹ אֲשֶׁר הִקְדִּישׁ לְעוֹלָם וְעִבְדוּ אֶת־
9 יְהוָה אֱלֹהֵיכֶם וְיָשֹׁב מִכֶּם חֲרוֹן אַפּוֹ׃ כִּי בְשׁוּבְכֶם עַל־
יְהוָה אֲחֵיכֶם וּבְנֵיכֶם לְרַחֲמִים לִפְנֵי שׁוֹבֵיהֶם וְלָשׁוּב
לָאָרֶץ הַזֹּאת כִּי־חַנּוּן וְרַחוּם יְהוָה אֱלֹהֵיכֶם וְלֹא־יָסִיר
י פָּנִים מִכֶּם אִם־תָּשׁוּבוּ אֵלָיו׃ וַיִּהְיוּ הָרָצִים עֹבְרִים
מֵעִיר ׀ לָעִיר בְּאֶרֶץ־אֶפְרַיִם וּמְנַשֶּׁה וְעַד־זְבֻלוּן וַיִּהְיוּ
11 מַשְׂחִיקִים עֲלֵיהֶם וּמַלְעִגִים בָּם׃ אַךְ אֲנָשִׁים מֵאָשֵׁר
12 וּמְנַשֶּׁה וּמִזְּבֻלוּן נִכְנְעוּ וַיָּבֹאוּ לִירוּשָׁלָםִ׃ גַּם בִּיהוּדָה
הָיְתָה יַד הָאֱלֹהִים לָתֵת לָהֶם לֵב אֶחָד לַעֲשׂוֹת מִצְוַת
13 הַמֶּלֶךְ וְהַשָּׂרִים בִּדְבַר יְהוָה׃ וַיֵּאָסְפוּ יְרוּשָׁלַםִ עַם־רָב
לַעֲשׂוֹת אֶת־חַג הַמַּצּוֹת בַּחֹדֶשׁ הַשֵּׁנִי קָהָל לָרֹב מְאֹד׃
14 וַיָּקֻמוּ וַיָּסִירוּ אֶת־הַמִּזְבְּחוֹת אֲשֶׁר בִּירוּשָׁלָםִ וְאֵת כָּל־
טו הַמְקַטְּרוֹת הֵסִירוּ וַיַּשְׁלִיכוּ לְנַחַל קִדְרוֹן׃ וַיִּשְׁחֲטוּ הַפֶּסַח
בְּאַרְבָּעָה עָשָׂר לַחֹדֶשׁ הַשֵּׁנִי וְהַכֹּהֲנִים וְהַלְוִיִּם נִכְלְמוּ

גֶעשְׁרִיבֶּען בְּרִיף צוּ אֶפְרַיִם אוּנְד מְנַשֶּׁה, דָאס זֵייא זָאלֶען קוּמֶען צוּ דֶעם הַאר׳ם הוֹיז אִין יְרוּשָׁלַיִם, צוּ הַאלְטֶען פֶּסַח צוּ דֶעם הַאר דֶעם גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל: 2 וָוארִין דֶער מֶלֶךְ הָאט זִיךְ בֶּערָאטֶען מִיט זֵיינֶע פִירְשְׁטֶען אוּנְד מִיט דֶעם גַאנְצֶען קָהָל אִין יְרוּשָׁלַיִם צוּ הַאלְטֶען פֶּסַח אִין דֶעם צְווֵייטֶען חֹדֶשׁ: 3 וָוארִין זֵייא הָאבֶּען עֶס נִיט גֶעקֶענְט הַאלְטֶען אִין דֶער זֶעלְבִּיגֶער צֵייט, וַוייל דִיא כֹּהֲנִים הָאבֶּען זִיךְ נָאךְ נִיט גֶענוּג גֶעהֵיילִיגְט, אוּנְד דָאס פָאלְק הָאט זִיךְ נָאךְ נִיט גֶעהַאט פֶערְזַאמֶעלְט קֵיין יְרוּשָׁלַיִם: 4 אוּנְד דִיא זַאךְ אִיז רֶעכְטְפַארְטִיג גֶעוֶועזֶען אִין דִיא אוֹיגֶען פוּן דֶעם מֶלֶךְ אוּנְד אִין דִיא אוֹיגֶען פוּן דֶעם גַאנְצֶען קָהָל: 5 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אָנְגֶעשְׁטֶעלְט דִיא זַאךְ אַז מֶען זָאל עֶס לָאזֶען אוֹיסְרוּפֶען אִין גַאנְץ יִשְׂרָאֵל, פוּן בְּאֵר שֶׁבַע אָן בִּיז דָן, אַז מֶען זָאל קוּמֶען אוּנְד מַאכֶען (הַאלְטֶען) פֶּסַח צוּ דֶעם הַאר, דֶעם גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל, אִין יְרוּשָׁלַיִם, וָוארִין מֶען הָאט עֶס נִיט גֶעטְהוּן פַאר אַ לַאנְגֶע צֵייט אַזוֹי וִויא עֶס שְׁטֶעהְט גֶעשְׁרִיבֶּען: 6 אַזוֹי זֶענֶען דִיא לוֹיפֶערְס אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען מִיט דִיא בְּרִיף פוּן דֶער הַאנְד פוּן דֶעם מֶלֶךְ אוּנְד זֵיינֶע פִירְשְׁטֶען אִין גַאנְץ יִשְׂרָאֵל אוּנְד יְהוּדָה, אוּנְד נָאךְ דֶעם גֶעבָּאט פוּן דֶעם מֶלֶךְ, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, אָ אִיהְר קִינְדֶער פוּן יִשְׂרָאֵל, קֶעהְרְט צוּרִיק צוּ דֶעם הַאר דֶעם גָאט פוּן אַבְרָהָם יִצְחָק אוּנְד יִשְׂרָאֵל, אַזוֹי וֶועט עֶר זִיךְ צוּרִיקְקֶעהְרֶען צוּ דִיא אַנְטְרִינוּנְג וָואס אִיז פוּן אַייךְ אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּען אוֹיס דֶער הַאנְד פוּן דִיא מְלָכִים פוּן אַשּׁוּר: 7 אוּנְד זֵייט נִיט אַזוֹי וִויא אֵיירֶע עֶלְטֶערְן אוּנְד אֵיירֶע בְּרִידֶער זֶענֶען גֶעוֶועזֶען וָואס הָאבֶּען זִיךְ פֶערְזִינְדִיגְט קֶעגֶען דֶעם הַאר דֶעם גָאט פוּן אֵיירֶע עֶלְטֶערְן, אוּנְד עֶר הָאט זֵייא אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען צוּ אַ פֶערְווִיסְטוּנְג אַזוֹי וִויא אִיהְר אַלֵיין זֶעהְט: 8 אַצוּנְד מַאכְט נִיט הַארְט אֵייעֶר נַאקֶען אַזוֹי וִויא אֵיירֶע עֶלְטֶערְן (הָאבֶּען גֶעטְהוּן) נֵייעֶרְט גֶעבְּט דִיא הַאנְד צוּ דֶעם הַאר, אוּנְד קוּמְט צוּ זֵיין בֵּית הַמִּקְדָּשׁ וָואס עֶר הָאט גֶעהֵיילִיגְט אוֹיף עֶבִּיג, אוּנְד דִינְט דֶעם הַאר אֵייעֶר גָאט, אַזוֹי וֶועט זִיךְ זֵיין גְרִימְצָארְן פוּן אַייךְ אַוֶועקְקֶעהְרֶען: 9 וָוארִין וֶוען אִיהְר וֶועט אַייךְ צוּרִיקְקֶעהְרֶען צוּ דֶעם הַאר, אַזוֹי וֶועלֶען אֵיירֶע קִינְדֶער גֶעפִינֶען בַּארְמְהֶערְצִיגְקֵייט פָאר דִיא וָואס הָאבֶּען זֵייא גֶעפַאנְגֶען גֶענוּמֶען, אוּנְד זֵייא וֶועלֶען זֵייא צוּרִיקְקֶעהְרֶען צוּ דֶעם דָאזִיגֶען לַאנְד, וָוארִין דֶער הַאר אֵייעֶר גָאט אִיז לֵייטְזֶעלִיג אוּנְד בַּארְמְהֶערְצִיג, אוּנְד עֶר וֶועט נִיט אַוֶועקְטְהוּן זֵיין פָּנִים פוּן אַייךְ וֶוען אִיהְר וֶועט צוּ אִיהְם צוּרִיקְקֶעהְרֶען: 10 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אַז וֶוען דִיא לוֹיפֶערְס זֶענֶען דוּרְכְגֶעגַאנְגֶען פוּן שְׁטָאט צוּ שְׁטָאט אִין דֶעם לַאנְד פוּן אֶפְרַיִם אוּנְד מְנַשֶּׁה אוּנְד בִּיז זְבֻלוּן, אַזוֹי הָאבֶּען זֵייא זֵייא אוֹיסְגֶעלַאכְט, אוּנְד אִיבֶּער זֵייא גֶעשְׁפָּאט: 11 אָבֶּער אַ טֵייל מֶענֶער פוּן אָשֵׁר אוּנְד מְנַשֶּׁה אוּנְד זְבֻלוּן, הָאבֶּען זִיךְ אוּנְטֶערְטֶענִיג גֶעמַאכְט אוּנְד זֵייא זֶענֶען גֶעקוּמֶען קֵיין יְרוּשָׁלַיִם: 12 אוֹיךְ אִין יְהוּדָה אִיז דִיא הַאנְד פוּן גָאט (אִיבֶּער זֵייא) גֶעוֶועזֶען צוּ זֵייא צוּ גֶעבֶּען אֵיין הַארְץ, כְּדֵי צוּ טְהוּן דֶעם בֶּעפֶעהְל פוּן דֶעם מֶלֶךְ אוּנְד פוּן דִיא פִירְשְׁטֶען דוּרְךְ דֶעם וָוארְט פוּן דֶעם הַאר: 13 אוּנְד עֶס הָאבֶּען זִיךְ פֶערְזַאמֶעלְט אִין יְרוּשָׁלַיִם פִיל פָאלְק צוּ טְהוּן (הַאלְטֶען) דֶעם פֵייעֶר־טָאג פוּן מַצּוֹת אִין דֶעם צְווֵייטֶען חֹדֶשׁ אַ זֶעהְר גְרוֹיסֶע פֶערְזַאמְלוּנְג: 14 אוּנְד זֵייא זֶענֶען אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אָפְּגֶעטְהוּן דִיא מִזְבְּחוֹת וָואס זֶענֶען גֶעוֶועזֶען אִין יְרוּשָׁלַיִם, אוּנְד אַלֶע רֵייכֶער (מִזְבְּחוֹת) הָאבֶּען זֵייא אָפְּגֶעטְהוּן, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זֵייא אַרֵיינְגֶעוָוארְפֶען אִין דֶעם טַייךְ קִדְרוֹן: 15 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעשָׁאכְטֶען דָאס קָרְבָּן פֶּסַח אִין דֶעם פִירְצֶעהְנְטֶען טָאג פוּן דֶעם צְווֵייטֶען חֹדֶשׁ, אוּנְד דִיא כֹּהֲנִים אוּנְד דִיא לְוִיִּם הָאבֶּען זִיךְ גֶעשֶׁעמְט, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זִיךְ גֶעהֵיילִיגְט,

אוּנְד

אונד זייא האבען אריינגעבראכט דיא
קרבן עלות אין דעם האר'ס הויז: 16 אונד
זייא האבען זיך געשטעלט אויף זייער
שטעל נאך זייער משפט, נאך תורת
משה, דעם געטליכען מאן; דיא כהנים
האבען געשפרענקט דאס בלוט פון דער
האנד פון דיא לוים: 17 וואריין עס זענען
געוועזען פילע אין דער פערזאמלונג
וואס זענען ניט געהייליגט געוועזען, דא־
ריבער האבען דיא לוים געשאכטען דאס
קרבן פסח פאר אלע וואס זענען ניט
ריין געוועזען, כדי זייא צו הייליגען צו
דעם האר: 18 וואריין פילע פון דעם
פאלק, דהיינו פילע פון אפרים אונד
מנשה, יששכר אונד זבלון זענען ניט
גערייניגט געוועזען, דאך האבען זייא
געגעסען דעם קרבן פסח, אבער ניט אזוי
וויא עס שטעהט געשריבען, אבער
יחזקיהו האט פאר זייא געבעטען אזוי
צו זאגען, דער גוטער האר זאל איטלי־
כען פערגעבען: 19 וואס האט אנגע־
בּרייט זיין גאנץ הארץ צו זוכען גאט דעם האר, דעם גאט פון זיינע עלטערן, חאטשע
ער איז ניט גערייניגט נאך דער ריינינגונג פון דער הייליגקייט: 20 אונד דער האר
האט געהערט צו יחזקיהו, אונד ער האט דאס פאלק געהיילט: 21 אונד דיא קינדער
פון ישראל וואס זענען געפונען געווארען אין ירושלים האבען געהאלטען דעם פייער־
טאג פון מצות זיבען טעג מיט א גרויסע שמחה, אונד דיא לוים אונד דיא כהנים
האבען דעם האר געלויבט איטליכען טאג, אונד זייא האבען געזונגען צו דעם האר
מיט שטארקע געזאנג־כלים: 22 אונד יחזקיהו האט גערעט צו דעם הארץ פון אלע
לוים וואס זענען קלוג געוועזען אונד האבען געהאט א גוטען שכל פאר דעם האר;
אונד זייא האבען געגעסען דיא בעשטימטע זיבען טעג פון דיא זבחי שלמים, אונד
זייא האבען מתודה געוועזען צו דעם האר, דעם גאט פון זיירע עלטערן: 23 אונד
דאס גאנצע קהל האט זיך בעראטען צו האלטען נאך אנדערע זיבען טעג, אונד אזוי
האבען זייא געהאלטען אנדערע זיבען טעג מיט א שמחה: 24 וואריין חזקיהו מלך פון
יהודה האט געגעבען צו דעם קהל טויזענד אקסען, אונד זיבען טויזענד שאף, אונד
דיא פירשטען האבען געגעבען צו דעם קהל טויזענד אקסען אונד צעהן טויזענד שאף,
אונד פילע פון דיא כהנים האבען זיך געהייליגט: 25 אונד דאס גאנצע קהל פון יהודה
האבען זיך געפרייט מיט דיא כהנים אונד דיא לוים, אונד דאס גאנצע קהל וואס זענען
געקומען פון ישראל, מיט דיא גרים וואס זענען געקומען אוים ארץ ישראל, אונד וואס
האבען געוואוינט אין יהודה: 26 אונד עס איז געוועזען א גרויסע שמחה אין ירושלים;
וואריין פון דיא טעג פון שלמה, זוהן פון דוד, מלך פון ישראל, איז ניט געוועזען אזוי
וויא דאס דאזיגע אין ירושלים: 27 אונד דיא כהנים אונד דיא לוים זענען אויפגעשטא־
נען אונד זייא האבען געבענשט דאס פאלק, אונד זייער קול איז געהערט געווארען,
אונד זייער געבעט איז אנגעקומען ביז צו זיינע הייליגע וואוינונג צו דעם הימעל:

## קאפיטעל לא

1 אונד ווען אלעם דאס דאזיגע איז געענדיגט געווארען אזוי איז גאנץ ישראל וואס
האט

16 ויתקדשו ויביאו עלות בית יהוה: ויעמדו על־עמדם
כמשפטם כתורת משה איש־האלהים הכהנים זרקים
17 את־הדם מיד הלוים: כי־רבת בקהל אשר לא־התקדשו
והלוים על־שחיטת הפסחים לכל לא טהור להקדיש
18 ליהוה: כי מרבית העם רבת מאפרים ומנשה יששכר
תבלון לא הטהרו כי־אכלו את־הפסח בלא ככתוב כי
התפלל יחזקיהו עליהם לאמר יהוה הטוב יכפר בעד:
19 כל־לבבו הכין לדרוש האלהים ׀ יהוה אלהי אבותיו
כ ולא כטהרת הקדש: וישמע יהוה אל־יחזקיהו וירפא
21 את־העם: ויעשו בני־ישראל הנמצאים בירושלם
את־חג המצות שבעת ימים בשמחה גדולה ומהללים
ליהוה יום ׀ ביום הלוים והכהנים בכלי עז ליהוה:
22 וידבר יחזקיהו על־לב כל־הלוים המשכילים שכל־טוב
ליהוה ויאכלו את־המועד שבעת הימים מזבחים זבחי
23 שלמים ומתודים ליהוה אלהי אבותיהם: ויועצו כל־
הקהל לעשות שבעת ימים אחרים ויעשו שבעת ימים
24 שמחה: כי חזקיהו מלך־יהודה הרים לקהל אלף
פרים ושבעת אלפים צאן והשרים הרימו לקהל פרים
כה אלף וצאן עשרת אלפים ויתקדשו כהנים לרב: וישמחו ׀
כל־קהל יהודה והכהנים והלוים וכל־הקהל הבאים
מישראל והגרים הבאים מארץ ישראל והיושבים
26 ביהודה: ותהי שמחה גדולה בירושלם כי מימי שלמה
27 בן־דויד מלך ישראל לא כזאת בירושלם: ויקמו
הכהנים הלוים ויברכו את־העם וישמע בקולם ותבוא
תפלתם למעון קדשו לשמים:

## לא

לא

א וככלות כל־זאת יצאו כל־ישראל הנמצאים לערי יהודה

וַיְשַׁבְּרוּ הַמַּצֵּבוֹת וַיְגַדְּעוּ הָאֲשֵׁרִים וַיְנַתְּצוּ אֶת־הַבָּמוֹת
וְאֶת־הַמִּזְבְּחֹת מִכָּל־יְהוּדָה וּבִנְיָמִן וּבְאֶפְרַיִם וּמְנַשֶּׁה
עַד־לְכַלֵּה וַיָּשׁוּבוּ כָּל־בְּנֵי יִשְׂרָאֵל אִישׁ בַּאֲחֻזָּתוֹ לְעָרֵיהֶם׃
2 וַיַּעֲמֵד יְחִזְקִיָּהוּ אֶת־מַחְלְקוֹת הַכֹּהֲנִים וְהַלְוִיִּם עַל־
מַחְלְקוֹתָם אִישׁ ׀ כְּפִי עֲבֹדָתוֹ לַכֹּהֲנִים וְלַלְוִיִּם לְעֹלָה
וְלִשְׁלָמִים לְשָׁרֵת וּלְהֹדוֹת וּלְהַלֵּל בְּשַׁעֲרֵי מַחֲנוֹת יְהוָה׃
3 וּמְנָת הַמֶּלֶךְ מִן־רְכוּשׁוֹ לָעֹלוֹת לְעֹלוֹת הַבֹּקֶר וְהָעֶרֶב
וְהָעֹלוֹת לַשַּׁבָּתוֹת וְלֶחֳדָשִׁים וְלַמֹּעֲדִים כַּכָּתוּב בְּתוֹרַת
4 יְהוָה׃ וַיֹּאמֶר לָעָם לְיוֹשְׁבֵי יְרוּשָׁלַ͏ִם לָתֵת מְנָת הַכֹּהֲנִים
ה וְהַלְוִיִּם לְמַעַן יֶחֶזְקוּ בְּתוֹרַת יְהוָה׃ וְכִפְרֹץ הַדָּבָר הִרְבּוּ
בְנֵי־יִשְׂרָאֵל רֵאשִׁית דָּגָן תִּירוֹשׁ וְיִצְהָר וּדְבַשׁ וְכֹל תְּבוּאַת
6 שָׂדֶה וּמַעְשַׂר הַכֹּל לָרֹב הֵבִיאוּ׃ וּבְנֵי יִשְׂרָאֵל וִיהוּדָה
הַיּוֹשְׁבִים בְּעָרֵי יְהוּדָה גַּם־הֵם מַעְשַׂר בָּקָר וָצֹאן וּמַעְשַׂר
קֳדָשִׁים הַמְקֻדָּשִׁים לַיהוָה אֱלֹהֵיהֶם הֵבִיאוּ וַיִּתְּנוּ עֲרֵמוֹת
7 עֲרֵמוֹת׃ בַּחֹדֶשׁ הַשְּׁלִשִׁי הֵחֵלּוּ הָעֲרֵמוֹת לִיסּוֹד
8 וּבַחֹדֶשׁ הַשְּׁבִיעִי כִּלּוּ׃ וַיָּבֹאוּ יְחִזְקִיָּהוּ וְהַשָּׂרִים וַיִּרְאוּ
אֶת־הָעֲרֵמוֹת וַיְבָרְכוּ אֶת־יְהוָה וְאֵת עַמּוֹ יִשְׂרָאֵל׃
9 וַיִּדְרֹשׁ יְחִזְקִיָּהוּ עַל־הַכֹּהֲנִים וְהַלְוִיִּם עַל־הָעֲרֵמוֹת׃
י וַיֹּאמֶר אֵלָיו עֲזַרְיָהוּ הַכֹּהֵן הָרֹאשׁ לְבֵית צָדוֹק וַיֹּאמֶר
מֵהָחֵל הַתְּרוּמָה לָבִיא בֵית־יְהוָה אָכוֹל וְשָׂבוֹעַ וְהוֹתֵר
עַד־לָרוֹב כִּי יְהוָה בֵּרַךְ אֶת־עַמּוֹ וְהַנּוֹתָר אֶת־הֶהָמוֹן
11 הַזֶּה׃ וַיֹּאמֶר יְחִזְקִיָּהוּ לְהָכִין לְשָׁכוֹת בְּבֵית יְהוָה
12 וַיָּכִינוּ׃ וַיָּבִיאוּ אֶת־הַתְּרוּמָה וְהַמַּעֲשֵׂר וְהַקֳּדָשִׁים בֶּאֱמוּנָה
וַעֲלֵיהֶם נָגִיד כָּונַנְיָהוּ הַלֵּוִי וְשִׁמְעִי אָחִיהוּ מִשְׁנֶה׃
13 וִיחִיאֵל וַעֲזַזְיָהוּ וְנַחַת וַעֲשָׂהאֵל וִירִימוֹת וְיוֹזָבָד וֶאֱלִיאֵל
וְיִסְמַכְיָהוּ וּמַחַת וּבְנָיָהוּ פְּקִידִים מִיַּד כָּונַנְיָהוּ וְשִׁמְעִי
אָחִיו בְּמִפְקַד יְחִזְקִיָּהוּ הַמֶּלֶךְ וַעֲזַרְיָהוּ נְגִיד בֵּית־

הָאט זיך גֶעפוּנֶען אין דיא שְׁטֶעט פוּן יְהוּדָה אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען אוּנְד זֵייא הָאבֶּען צוּבְּרָאכֶען דיא מַצֵּבוֹת, אוּנְד אָפְּגֶעהַאקְט דיא לִינְדֶען־בֵּיימֶער, אוּנְד צוּשְׁטוֹיסֶען דיא בָּמוֹת, אוּנְד דיא מִזְבְּחוֹת פוּן גַאנְץ יְהוּדָה אוּנְד בִּנְיָמִין, אוּנְד אִין אֶפְרַיִם אוּנְד מְנַשֶּׁה, בִּיז זֵייא הָאבֶּען אַלֶעם גֶע־עֶנְדִיגְט, אוּנְד אַלֶע בְּנֵי יִשְׂרָאֵל זֶענֶען צוּ־רִיקְגֶעקֶעהְרְט אִיטְלִיכֶער צוּ זֵיין בֶּעזִיץ צוּ זֵיירֶע שְׁטֶעט׃ 2 אוּנְד יְחִזְקִיָּהוּ הָאט אָנְגֶעשְׁטֶעלְט דיא אָפְּטֵיילוּנְגֶען פוּן דיא כֹּהֲנִים אוּנְד דיא לְוִיִּם אִין זֵיירֶע אָפְּטֵיילוּנְג, אִיטְלִיכֶען נָאךְ זֵיין דִינְסְט, דיא כֹּהֲנִים אוּנְד דיא לְוִיִּם פַאר דיא קָרְבָּן עוֹלוֹת אוּנְד שְׁלָמִים, צוּ דִינֶען אוּנְד צוּ לוֹיבֶּען אוּנְד דַאנְקֶען אִין דיא טוֹיעֶרְן פוּן דיא מַחֲנוֹת פוּן דֶעם הַאר׃ 3 אוּנְד דֶער מֶלֶךְ הָאט בֶּעשְׁטִימְט אַ גָאבּ פוּן זֵיין פֶערְמֶעגֶען פַאר דיא בֶּעשְׁטֶענְדִיגֶע עוֹלוֹת פַאר אִיטְלִיכֶען מָארְגֶען אוּנְד אָבֶענְד, אוּנְד פַאר דיא עוֹלוֹת פַאר דיא שַׁבָּתִים אוּנְד חֳדָשִׁים אוּנְד יָמִים טוֹבִים, אַזוֹי וִויא עֶס שְׁטֶעהְט גֶעשְׁרִיבֶּען אִין דיא תּוֹרָה פוּן דֶעם הַאר׃ 4 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט צוּ דֶעם פָאלְק, צוּ דיא בֶּעווֹאוֹינֶער פוּן יְרוּשָׁלַיִם, אַז זֵייא זָאלֶען גֶעבֶּען דָאס חֵלֶק פוּן דיא כֹּהֲנִים אוּנְד דיא לְוִיִּם כְּדֵי זֵייא זָאלֶען זִיךְ שְׁטַארְקֶען אִין דֶער תּוֹרָה פוּן דֶעם הַאר׃ 5 אוּנְד וֶוען דָאס וָוארְט הָאט זִיךְ פֶערְשְׁפְּרֵייט אַזוֹי הָאבֶּען דיא קִינְדֶער פוּן יִשְׂרָאֵל גֶעמֶעהְרְט (צוּ בְּרֶענְגֶען) דָאס עֶרְשְׁטֶע פוּן דֶעם קָארְן אוּנְד וויין, אוּנְד בּוֹימֶעהְל אוּנְד הָאנִיג, אוּנְד פוּן אַלֶערְלֵייא תְּבוּאוֹת פוּן דֶעם פֶעלְד, אוּנְד מַעֲשֵׂר פוּן אַלֶעם הָאבֶּען זֵייא גֶעבְּרַאכְט זֶעהְר פִיל׃ 6 אוּנְד דיא קִינְדֶער פוּן יִשְׂרָאֵל אוּנְד יְהוּדָה וָואס הָאבֶּען גֶעווֹאוֹינְט אִין דיא שְׁטֶעט פוּן יְהוּדָה אוֹיךְ זֵייא הָאבֶּען גֶעבְּרַאכְט מַעֲשֵׂר פוּן אָקְסֶען אוּנְד שָׁאף, אוּנְד מַעֲשֵׂר פוּן הֵיילִיגֶע זַאכֶען וָואס זֶענֶען גֶעהֵיילִיגְט גֶעוָוארֶען צוּ דֶעם הַאר זֵייעֶר גָאט, זֵייא הָאבֶּען עֶס גֶעבְּרַאכְט אוּנְד אַנִידֶערְגֶעלֶעגְט אִין הוֹיפֶען׃ 7 אִין דֶעם דְרִיטֶען חֹדֶשׁ הָאבֶּען זֵייא אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ לֶעגֶען דֶעם גְרוּנְד פוּן דיא הוֹיפֶען אוּנְד אִין דֶעם זִיבֶּעטֶען חֹדֶשׁ הָאבֶּען זֵייא עֶס גֶעעֶנְדִיגְט׃ 8 אוּנְד וֶוען יְחִזְקִיָּהוּ אוּנְד דיא פִירְשְׁטֶען זֶענֶען גֶעקוּמֶען אוּנְד הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען דיא הוֹיפֶען אַזוֹי הָאבֶּען זֵייא גֶעבֶּענְשְׁט דֶעם הַאר אוּנְד זֵיין פָאלְק יִשְׂרָאֵל׃ 9 אוּנְד יְחִזְקִיָּהוּ הָאט נָאכְגֶע־פָארְשְׁט מִיט דיא כֹּהֲנִים אוּנְד דיא לְוִיִּם וֶועגֶען דיא הוֹיפֶען׃ 10 אַזוֹי הָאט עֲזַרְיָהוּ, דֶער אוֹיבֶּערְשְׁטֶער כֹּהֵן פוּן דֶעם הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן צָדוֹק אִיהְם גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד גֶע־זָאגְט, זִינְט (דָאס פָאלְק) הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען אַרֵיינְצוּבְּרֶענְגֶען דיא תְּרוּמָה אִין דֶעם הַאר'ס הוֹיז, עֶסֶען מִיר אוּנְד זֶענֶען זַאט, אוּנְד עֶס אִיז נָאךְ זֶעהְר פִיל אִיבְּרִיג גֶעבְּלִיבֶּען, וָוארִין דֶער הַאר הָאט גֶעבֶּענְשְׁט זֵיין פָאלְק, אוּנְד דָאס וָואס אִיז אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּען אִיז דיא דָאזִיגֶע מַאסֶע׃ 11 אוּנְד יְחִזְקִיָּהוּ הָאט בֶּעפוֹילֶען אַז מֶען זָאל צוּבְּרֵייטֶען קַאמֶערְן אִין דֶעם הַאר'ס הוֹיז, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען צוּגֶעבְּרֵייט׃ 12 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אַרֵיינְגֶעבְּרַאכְט דיא תְּרוּמָה אוּנְד דָאס מַעֲשֵׂר אוּנְד דָאס גֶעהֵיילִיגְטֶע מִיט טְרֵייהֵייט, אוּנְד כָּנַנְיָהוּ דֶער לֵוִי אִיז גֶעוֶועזֶען אַ פִירְשְׁט אִיבֶּער זֵייא, אוּנְד שִׁמְעִי זֵיין בְּרוּדֶער אִיז גֶעוֶועזֶען דֶער אַנְדֶערֶער׃ 13 אוּנְד יְחִיאֵל, אוּנְד עֲזַזְיָהוּ, אוּנְד נַחַת, אוּנְד עֲשָׂהאֵל, אוּנְד יְרִימוֹת, אוּנְד יוֹזָבָד, אוּנְד אֱלִיאֵל, אוּנְד יִסְמַכְיָהוּ, אוּנְד מַחַת, אוּנְד בְּנָיָהוּ זֶענֶען גֶעוֶועזֶען בֶּעפֶעהְלֶערְם, אוּנְטֶער דיא הַאנְד פוּן כָּנַנְיָהוּ אוּנְד שִׁמְעִי זֵיין בְּרוּדֶער, דוּרְךְ דֶעם בֶּעפֶעהְל פוּן יְחִזְקִיָּהוּ הַמֶּלֶךְ, אוּנְד עֲזַרְיָהוּ דֶער פִירְשְׁט

פוּן

פון גאָט'ס הויז: 14 אוּנד קוֹרא זוּהן פון יְמְנָה הַלֵוִי איז געווען דער טויער היטער אן דער מִזרח־זייט, אוּנד איז געווען איבער דיא נְדָבוֹת פון גאָט כְּדֵי צוּ געבען דיא תְּרוּמוֹת פון דעם האר אוּנד פון דיא קָדְשֵׁי קָדָשִׁים: 15 אוּנד אן זיינער זייט זענען געוועזען עֵדֶן אוּנד מִנְיָמִין אוּנד יִשׁוּעַ, אוּנד שְׁמַעְיָהוּ, אֲמַרְיָהוּ, אוּנד שְׁכַנְיָהוּ אין דיא שְׁטעט פון דיא כֹּהֲנִים מיט טריי־הייט, צוּ געבען צוּ זיירע בּרידער אין דיא אָפּטיילוּנגען צוּ דעם גרויסען אַזוֹי גוּט וויא צוּ דעם קליינעם: 16 חוּץ דיא געשלעכטער פון דיא זְכָרִים פון דרייא יאָהר אָן אוּנד דאריבּער צוּ איטליכען וואס קוּמט צוּ דעם האר'ס הויז, זיין טעגליכעם חֵלֶק פאר זייער דינסט אין זיירע היטוּנג נאָך זייער חֵלֶק: 17 אוּנד דיא געשלעכטער פון דיא כֹּהֲנִים נאָך דעם הויזגעזינד פון זיירע פעטער, אוּנד דיא לְוִים פון צוואַנציג יאָהר אָן אוּנד דאריבּער נאָך זיירע היטוּנגען אוּנד אין זייער חֵלֶק: 18 אוּנד פון דיא געשלעכטער אין אַלע זיירע קליינע קינדער, זיירע ווייבּער, אוּנד זיירע זיהן אוּנד זיירע טעכטער צוּ דעם גאַנצען קָהָל, וואָרין אין זיירע טריי־הייט האָבּען זייא זיך געהייליגט אין היילינקייט: 19 אוּנד פון דיא זיהן פון אַהֲרֹן דיא כֹּהֲנִים, וואָס זענען געוועזען אין דעם פעלד פון זיירע פרייע שְׁטעט, אין איטליכע שְׁטאָט, דיא מענער וואָס זענען געוועזען אויסגעצייכענט מיט זיירע נעמען, צוּ געבּען גאָבּען צוּ איטליכען זָכָר פון דיא כֹּהֲנִים, אוּנד צוּ איטליכען געשלעכט פון דיא לְוִים: 20 אוּנד יְחִזְקִיָהוּ האָט אַזאַלכעס געטהוּן אין גאַנץ יְהוּדָה, אוּנד ער האָט געטהוּן דאָס וואָס איז געוועזען גוּט אוּנד רעכטפאַרטיג אוּנד אֱמֶת פאר דעם האר זיין גאָט: 21 אוּנד אין איטליכען ווערק וואָס ער האָט אָנגעהויבּען אין דעם דינסט פון גאָט'ס הויז, אוּנד אין דער תּוֹרָה אוּנד אין דער מִצְוָה, צוּ זוּכען זיין גאָט, אוּנד ער האָט עס געטהוּן מיט זיין גאַנצען הארץ אוּנד ער האָט בּעגליקט:

## קאפיטעל לב

1 נאָך דיא דאָזיגע זאַכען אוּנד דעם אֱמֶת דערפוּן, איז סַנְחֵרִיב מֶלֶךְ פון אַשּׁוּר געקוּמען, אוּנד האָט ער איז אָנגעקוּמען אין יְהוּדָה, אַזוֹי האָט ער זיך געלאַגערט קעגען דיא פעסטע שְׁטעט, אוּנד ער האָט געטראַכט אַז ער וועט זייא פאר זיך צוּבּרעכען: 2 אוּנד ווען יְחִזְקִיָהוּ האָט געזעהען אַז סַנְחֵרִיב קוּמט אָן, אוּנד אַז זיין פָּנִים איז געווענדט צוּ מִלְחָמָה צוּ האַלטען קעגען יְרוּשָׁלַיִם: 3 אַזוֹי האָט ער זיך בּעראָטען מיט זיינע פירשטען אוּנד זיינע גִבּוֹרִים צוּ פערשטאָפּען דיא וואַסער פון דיא קוואַלען וואָס זענען אויסעוועניג פון דער שְׁטאָט, אוּנד זייא האָבּען איהם געהאָלפען: 4 אוּנד עס האָבּען זיך פערזאַמעלט פיל פאָלק, אוּנד זייא האָבּען פערשטאָפּט אַלע קוואַלען, אוּנד דעם טייך וואָס האָט געפליסט דוּרך דעם לאַנד, אַזוֹי צוּ זאָגען, פאַרוואָס זאָלען דיא מְלָכִים פון אַשּׁוּר קוּמען אוּנד געפינען פיל וואַסער? 5 אוּנד ער האָט זיך געשטאַרקט, אוּנד ער האָט אויפגעבּויעט אַלע צוּבּראָכענע מויערן, אוּנד ער האָט העכער געמאַכט דיא טוּרמער, אוּנד פון אויסעוועניג האָט ער געבּויעט איינע אַנדערע מויער, אוּנד אַזוֹי האָט ער געשטאַרקט מִלוֹא דיא שְׁטאָט פון דָוִד, אוּנד ער האָט געמאַכט זעהר פיל שווערדען אוּנד פאַנצער: 6 אוּנד ער האָט אָנגעשטעלט אויבּערשטע פון דיא מִלְחָמָה־לייט איבּער דעם פאָלק, אוּנד ער האָט זייא צוּ זיך פערזאַמעלט אין

14 הָאֱלֹהִֽים׃ וְקוֹרֵא בֶן־יִמְנָה הַלֵּוִי הַשּׁוֹעֵר לַמִּזְרָחָה עַל
נִדְבוֹת הָאֱלֹהִים לָתֵת תְּרוּמַת יְהוָה וְקָדְשֵׁי הַקֳּדָשִֽׁים׃
טו וְעַל־יָדוֹ עֵדֶן וּמִנְיָמִן וְיֵשׁוּעַ וּשְׁמַעְיָהוּ אֲמַרְיָהוּ וּשְׁכַנְיָהוּ
בְּעָרֵי הַכֹּהֲנִים בֶּאֱמוּנָה לָתֵת לַאֲחֵיהֶם בְּמַחְלְקוֹת כַּגָּדוֹל
16 כַּקָּטָֽן׃ מִלְּבַד הִתְיַחְשָׂם לִזְכָרִים מִבֶּן שָׁלוֹשׁ שָׁנִים
וּלְמַעְלָה לְכָל־הַבָּא לְבֵית־יְהוָה לִדְבַר־יוֹם בְּיוֹמוֹ
17 לַעֲבוֹדָתָם בְּמִשְׁמְרוֹתָם כְּמַחְלְקוֹתֵיהֶֽם׃ וְאֵת הִתְיַחֵשׂ
הַכֹּהֲנִים לְבֵית אֲבוֹתֵיהֶם וְהַלְוִיִּם מִבֶּן עֶשְׂרִים שָׁנָה
18 וּלְמָעְלָה בְּמִשְׁמְרוֹתֵיהֶם בְּמַחְלְקוֹתֵיהֶֽם׃ וּלְהִתְיַחֵשׂ בְּכָל־
טַפָּם נְשֵׁיהֶם וּבְנֵיהֶם וּבְנוֹתֵיהֶם לְכָל־קָהָל כִּי בֶאֱמוּנָתָם
19 יִתְקַדְּשׁוּ־קֹֽדֶשׁ׃ וְלִבְנֵי אַהֲרֹן הַכֹּהֲנִים בִּשְׂדֵי מִגְרַשׁ
עָרֵיהֶם בְּכָל־עִיר וָעִיר אֲנָשִׁים אֲשֶׁר נִקְּבוּ בְּשֵׁמוֹת לָתֵת
כ מָנוֹת לְכָל־זָכָר בַּכֹּהֲנִים וּלְכָל־הִתְיַחֵשׂ בַּלְוִיִּֽם׃ וַיַּעַשׂ
כָּזֹאת יְחִזְקִיָּהוּ בְּכָל־יְהוּדָה וַיַּעַשׂ הַטּוֹב וְהַיָּשָׁר וְהָאֱמֶת
21 לִפְנֵי יְהוָה אֱלֹהָֽיו׃ וּבְכָל־מַעֲשֶׂה אֲשֶׁר־הֵחֵל ׀ בַּעֲבוֹדַת
בֵּית־הָאֱלֹהִים וּבַתּוֹרָה וּבַמִּצְוָה לִדְרֹשׁ לֵאלֹהָיו בְּכָל־
לְבָבוֹ עָשָׂה וְהִצְלִֽיחַ׃

## לב

לב

א אַחֲרֵי הַדְּבָרִים וְהָאֱמֶת הָאֵלֶּה בָּא סַנְחֵרִיב מֶלֶךְ־אַשּׁוּר
וַיָּבֹא בִיהוּדָה וַיִּחַן עַל־הֶעָרִים הַבְּצֻרוֹת וַיֹּאמֶר לְבִקְעָם
2 אֵלָֽיו׃ וַיַּרְא יְחִזְקִיָּהוּ כִּי־בָא סַנְחֵרִיב וּפָנָיו לַמִּלְחָמָה
3 עַל־יְרוּשָׁלִָֽם׃ וַיִּוָּעַץ עִם־שָׂרָיו וְגִבֹּרָיו לִסְתּוֹם אֶת־מֵימֵי
4 הָעֲיָנוֹת אֲשֶׁר מִחוּץ לָעִיר וַיַּעְזְרֽוּהוּ׃ וַיִּקָּבְצוּ עַם־רָב
וַיִּסְתְּמוּ אֶת־כָּל־הַמַּעְיָנוֹת וְאֶת־הַנַּחַל הַשּׁוֹטֵף בְּתוֹךְ־הָאָרֶץ
ה לֵאמֹר לָמָּה יָבוֹאוּ מַלְכֵי אַשּׁוּר וּמָצְאוּ מַיִם רַבִּֽים׃ וַיִּתְחַזַּק
וַיִּבֶן אֶת־כָּל־הַחוֹמָה הַפְּרוּצָה וַיַּעַל עַל־הַמִּגְדָּלוֹת וְלַחוּצָה
הַחוֹמָה אַחֶרֶת וַיְחַזֵּק אֶת־הַמִּלּוֹא עִיר דָּוִיד וַיַּעַשׂ שֶׁלַח
6 לָרֹב וּמָגִנִּֽים׃ וַיִּתֵּן שָׂרֵי מִלְחָמוֹת עַל־הָעָם וַיִּקְבְּצֵם אֵלָיו

7 אֶל־רְחוֹב שַׁעַר הָעִיר וַיְדַבֵּר עַל־לְבָבָם לֵאמֹר׃ חִזְקוּ
וְאִמְצוּ אַל־תִּירְאוּ וְאַל־תֵּחַתּוּ מִפְּנֵי מֶלֶךְ אַשּׁוּר וּמִלִּפְנֵי
8 כָּל־הֶהָמוֹן אֲשֶׁר־עִמּוֹ כִּי־עִמָּנוּ רַב מֵעִמּוֹ׃ עִמּוֹ זְרוֹעַ בָּשָׂר
וְעִמָּנוּ יְהוָה אֱלֹהֵינוּ לְעָזְרֵנוּ וּלְהִלָּחֵם מִלְחֲמֹתֵנוּ וַיִּסָּמְכוּ
9 הָעָם עַל־דִּבְרֵי יְחִזְקִיָּהוּ מֶלֶךְ־יְהוּדָה׃ אַחַר זֶה
שָׁלַח סַנְחֵרִיב מֶלֶךְ־אַשּׁוּר עֲבָדָיו יְרוּשָׁלַיְמָה וְהוּא עַל־
לָכִישׁ וְכָל־מֶמְשַׁלְתּוֹ עִמּוֹ עַל־יְחִזְקִיָּהוּ מֶלֶךְ יְהוּדָה וְעַל־
י כָּל־יְהוּדָה אֲשֶׁר בִּירוּשָׁלַםִ לֵאמֹר׃ כֹּה אָמַר סַנְחֵרִיב
מֶלֶךְ אַשּׁוּר עַל־מָה אַתֶּם בֹּטְחִים וְיֹשְׁבִים בְּמָצוֹר בִּירוּשָׁלָםִ׃
11 הֲלֹא יְחִזְקִיָּהוּ מַסִּית אֶתְכֶם לָתֵת אֶתְכֶם לָמוּת בְּרָעָב
וּבְצָמָא לֵאמֹר יְהוָה אֱלֹהֵינוּ יַצִּילֵנוּ מִכַּף מֶלֶךְ אַשּׁוּר׃
12 הֲלֹא־הוּא יְחִזְקִיָּהוּ הֵסִיר אֶת־בָּמֹתָיו וְאֶת־מִזְבְּחֹתָיו
וַיֹּאמֶר לִיהוּדָה וְלִירוּשָׁלַםִ לֵאמֹר לִפְנֵי מִזְבֵּחַ אֶחָד
13 תִּשְׁתַּחֲווּ וְעָלָיו תַּקְטִירוּ׃ הֲלֹא תֵדְעוּ מֶה עָשִׂיתִי אֲנִי
וַאֲבוֹתַי לְכֹל עַמֵּי הָאֲרָצוֹת הֲיָכוֹל יָכְלוּ אֱלֹהֵי גּוֹיֵי הָאֲרָצוֹת
14 לְהַצִּיל אֶת־אַרְצָם מִיָּדִי׃ מִי בְּכָל־אֱלֹהֵי הַגּוֹיִם הָאֵלֶּה
אֲשֶׁר הֶחֱרִימוּ אֲבוֹתַי אֲשֶׁר יָכוֹל לְהַצִּיל אֶת־עַמּוֹ מִיָּדִי
טו כִּי יוּכַל אֱלֹהֵיכֶם לְהַצִּיל אֶתְכֶם מִיָּדִי׃ וְעַתָּה אַל־יַשִּׁיא
אֶתְכֶם חִזְקִיָּהוּ וְאַל־יַסִּית אֶתְכֶם כָּזֹאת וְאַל־תַּאֲמִינוּ לוֹ
כִּי־לֹא יוּכַל כָּל־אֱלוֹהַּ כָּל־גּוֹי וּמַמְלָכָה לְהַצִּיל עַמּוֹ מִיָּדִי
16 וּמִיַּד אֲבוֹתָי אַף כִּי אֱלֹהֵיכֶם לֹא־יַצִּילוּ אֶתְכֶם מִיָּדִי׃ וְעוֹד
דִּבְּרוּ עֲבָדָיו עַל־יְהוָה הָאֱלֹהִים וְעַל יְחִזְקִיָּהוּ עַבְדּוֹ׃
17 וּסְפָרִים כָּתַב לְחָרֵף לַיהוָה אֱלֹהֵי יִשְׂרָאֵל וְלֵאמֹר עָלָיו
לֵאמֹר כֵּאלֹהֵי גּוֹיֵי הָאֲרָצוֹת אֲשֶׁר לֹא־הִצִּילוּ עַמָּם מִיָּדִי
18 כֵּן לֹא־יַצִּיל אֱלֹהֵי יְחִזְקִיָּהוּ עַמּוֹ מִיָּדִי׃ וַיִּקְרְאוּ בְקוֹל־גָּדוֹל
יְהוּדִית עַל־עַם יְרוּשָׁלַםִ אֲשֶׁר עַל־הַחוֹמָה לְיָרְאָם וּלְבַהֲלָם
19 לְמַעַן יִלְכְּדוּ אֶת־הָעִיר׃ וַיְדַבְּרוּ אֶל־אֱלֹהֵי יְרוּשָׁלָםִ כְּעַל
כ אֱלֹהֵי עַמֵּי הָאָרֶץ מַעֲשֵׂה יְדֵי הָאָדָם׃ וַיִּתְפַּלֵּל

אִין דֶער גַאם פוּן דֶעם שְׁטָאט טוֹיעֶר, אוּנְד עֶר הָאט גֶערֶעט צוּ זֵייעֶר הַארְץ אַזוֹי צוּ זָאגֶען: 7 שְׁטַארְקְט אֵייךְ אוּנְד זֵייט פֶעסְט, אִיהְר זָאלְט קֵיין מוֹרָא הָאבֶּען, אוּנְד אִיהְר זָאלְט אֵייךְ נִיט דֶערְשְׁרֶעקֶען פָאר דֶעם מֶלֶךְ פוּן אַשּׁוּר אוּנְד פָאר דֶער גַאנְצֶער מַאסֶע וָואס זֶענֶען מִיט אִיהְם, וָוארִין מִיט אוּנְס זֶענֶען מֶעהְר ווִיא מִיט אִיהְם: 8 מִיט אִיהְם אִיז אֵיין אָרֶעם פוּן פְלֵיישׁ, אָבֶּער מִיט אוּנְס אִיז דֶער הַאר אוּנְזֶער גָאט וָואס עֶר וֶועט אוּנְס הֶעלְפֶען, אוּנְד עֶר וֶועט אוּנְזֶערֶע מִלְחָמוֹת פַאר אוּנְס הַאלְטֶען, אוּנְד דָאס פָאלְק הָאט זִיךְ אָנְגֶעלֶעהְנְט אוֹיף דִיא וֶוערְטֶער פוּן יְחִזְקִיָּהוּ מֶלֶךְ פוּן יְהוּדָה: 9 נָאכְדֶעם הָאט סַנְחֵרִיב מֶלֶךְ פוּן אַשּׁוּר גֶעשִׁיקְט זֵיינֶע קְנֶעכְט קֶעגֶען יְרוּשָׁלַיִם, (אָבֶּער עֶר אַלֵיין הָאט בֶּעלַאגֶערְט לָכִישׁ, אוּנְד מִיט אִיהְם זֶענֶען גֶעוֶועזֶען אַלֶע זֵיינֶע גֶעוֶועלְטִיגֶער) צוּ יְחִזְקִיָּהוּ מֶלֶךְ פוּן יְהוּדָה, אוּנְד אִיבֶּער גַאנְץ יְהוּדָה וָואס אִיז גֶעוֶועזֶען אִין יְרוּשָׁלַיִם, אַזוֹי צוּ זָאגֶען: 10 אַזוֹי זָאגְט סַנְחֵרִיב מֶלֶךְ פוּן אַשּׁוּר, אוֹיף וָואס פֶערְזִיכֶערְט אִיהְר אֵייךְ, אוּנְד אִיהְר בְּלֵייבְּט אִין דִיא בֶּעלַאגֶערוּנְג אִין יְרוּשָׁלַיִם? 11 הָאט אֵייךְ נִיט יְחִזְקִיָּהוּ אָנְגֶערֶעט אַז אִיהְר זָאלְט אֵייךְ אִיבֶּערְגֶעבֶּען צוּ דֶעם טוֹיט דוּרְךְ הוּנְגֶער אוּנְד דָארְשְׁט, אַזוֹי צוּ זָאגֶען, דֶער הַאר אוּנְזֶער גָאט וֶועט אוּנְס מַצִיל זֵיין אוֹיס דֶער הַאנְד פוּן דֶעם מֶלֶךְ פוּן אַשּׁוּר? 12 אִיז דָאס נִיט דֶער יְחִזְקִיָּהוּ וָואס הָאט אָפְּגֶעטְהוּן זֵיינֶע בָּמוֹת אוּנְד זֵיינֶע מִזְבְּחוֹת, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט צוּ יְהוּדָה אוּנְד יְרוּשָׁלַיִם אַזוֹי צוּ זָאגֶען, אִיהְר זָאלְט אֵייךְ בִּיקֶען פָאר אֵיין מִזְבֵּחַ, אוּנְד אוֹיף אִיהְם זָאלְט אִיהְר רֵייכֶערְן? 13 ווֵייסְט אִיהְר דֶען נִיט וָואס אִיךְ אוּנְד מֵיינֶע גֶעטֶער הָאבֶּען גֶעטְהוּן צוּ אַלֶע פֶעלְקֶער פוּן אַנְדֶערֶע לֶענְדֶער? הָאבֶּען דֶען דִיא גֶעטֶער פוּן דִיא פֶעלְקֶער פוּן אַנְדֶערֶע לֶענְדֶער גֶעקָאנְט מַצִיל זֵיין זֵייעֶר לַאנְד אוֹיס מֵיינֶע הַאנְד? 14 וֶוער אִיז דֶער אָפְּגָאט פוּן אַלֶע גֶעטֶער פוּן דִיא דָאזִיגֶע גוֹיִם וָואס מֵיינֶע עֶלְטֶערְן הָאבֶּען פֶערְווִיסְט, וָואס הָאט גֶעקָאנְט מַצִיל זֵיין זֵיין פָאלְק אוֹיס מֵיינֶער הַאנְד, דָאס אֵייעֶר גָאט זָאל אֵייךְ קֶענֶען מַצִיל זֵיין אוֹיס מֵיינֶע הַאנְד? 15 אוּנְד אַצוּנְד, לָאז אֵייךְ נִיט יְחִזְקִיָּהוּ גֶענַארֶען, אוּנְד לָאז עֶר אֵייךְ נִיט אִיבֶּערְרֶעדֶען אִין דֶעם דָאזִיגֶען, אוּנְד גְלוֹיבְּט אִיהְם נִיט, וָוארִין קֵיין אֵיינְצִיגֶער גָאט פוּן קֵיין פָאלְק אָדֶער קֶענִיגְרֵייךְ אִיז אִים שְׁטַאנְד גֶעוֶועזֶען זֵיין פָאלְק מַצִיל זֵיין אוֹיס מֵיינֶער הַאנְד אוּנְד אוֹיס דֶער הַאנְד פוּן מֵיינֶע עֶלְטֶערְן, אַזוֹי וֶועט אֲפִילוּ אֵייעֶר גָאט אֵייךְ אוֹיךְ נִיט קֶענֶען מַצִיל זֵיין אוֹיס מֵיינֶער הַאנְד: 16 אוּנְד זֵיינֶע קְנֶעכְט הָאבֶּען נָאךְ מֶעהְר גֶערֶעט קֶעגֶען דֶעם הַאר דֶעם גָאט, אוּנְד קֶעגֶען זֵיין קְנֶעכְט יְחִזְקִיָּהוּ: 17 עֶר הָאט אוֹיךְ גֶעשְׁרִיבֶּען בְּרִיף צוּ לֶעסְטֶערְן דֶעם הַאר דֶעם גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל, קֶעגֶען אִיהְם צוּ רֶעדֶען אַזוֹי צוּ זָאגֶען, אַזוֹי ווִיא דִיא גֶעטֶער פוּן דִיא אַנְדֶערֶע לֶענְדֶער הָאבֶּען נִיט גֶעקֶענְט זֵייעֶר פָאלְק מַצִיל זֵיין אוֹיס מֵיינֶער הַאנְד, אַזוֹי וֶועט דֶער גָאט פוּן יְחִזְקִיָּהוּ אוֹיךְ נִיט קֶענֶען זֵיין פָאלְק מַצִיל זֵיין אוֹיס מֵיינֶער הַאנְד: 18 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶערוּפֶען מִיט אַ גְרוֹיס קוֹל אוֹיף יוּדִישׁ צוּ דֶעם פָאלְק פוּן יְרוּשָׁלַיִם וָואס זֶענֶען גֶעוֶועזֶען בֵּייא דֶער מוֹיעֶר, כְּדֵי זֵייא מוֹרָא צוּ מַאכֶען אוּנְד זֵייא צוּ דֶערְשְׁרֶעקֶען אַז זֵייא זָאלֶען קֶענֶען דִיא שְׁטָאט אֵיינְנֶעמֶען: 19 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶערֶעט קֶעגֶען דֶעם גָאט פוּן יְרוּשָׁלַיִם, אַזוֹי ווִיא פוּן דִיא אָפְּגֶעטֶער פוּן דִיא פֶעלְקֶער פוּן אַנְדֶערֶע לֶענְדֶער, דִיא וֶוערְק פוּן מֶענְשֶׁענְ'ס הֶענְד: 20 אָבֶּער

יְחִזְקִיָּהוּ הַמֶּלֶךְ אוּנְד יְשַׁעְיָהוּ זוּהְן פוּן
אָמוֹץ הַנָּבִיא הָאבֶּען גֶעבֶּעטֶען וֶועגֶען
דֶעם דָאזִיגֶען, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶע־
שְׁרִיעֶן צוּ דֶעם הִימֶעל׃ 21 אוּנְד דֶער
הַאר הָאט גֶעשִׁיקְט אַ מַלְאָךְ אוּנְד עֶר
הָאט אוּמְגֶעבְּרַאכְט אִיטְלִיכֶען גִבּוֹר פוּן
דֶעם חַיִל, אוּנְד פִירְשְׁט אוּנְד אוֹיבֶּערְשְׁ־
טֶען אִין דֶער מַחֲנֶה פוּן דֶעם מֶלֶךְ פוּן
אַשּׁוּר, אַזוֹי הָאט עֶר צוּרִיקְגֶעקֶעהְרְט
מִיט אַ פֶערְשֶׁעהְמְט פָּנִים צוּ זֵיין אֵיי־
גֶען לַאנְד; אוּנְד וֶוען עֶר אִיז גֶעקוּמֶען
צוּ דֶעם הוֹיז פוּן זֵיין גָאט, אַזוֹי הָאבֶּען
אִיהְם דִיא וָואס זֶענֶען אַרוֹיסְגֶעקוּמֶען
אוֹיס זֵיינֶע אֵייגֶענֶע לֶענְדֶען דֶערְשְׁלָאגֶען
מִיט דֶעם שְׁוֶוערְד׃ 22 אַזוֹי הָאט דֶער
הַאר גֶעהָאלְפֶען יְחִזְקִיָּהוּ אוּנְד דִיא
אֵיינְוְואוֹינֶער פוּן יְרוּשָׁלַיִם פוּן דֶער
הַאנְד פוּן סַנְחֵרִיב מֶלֶךְ פוּן אַשּׁוּר,
אוּנְד פוּן דֶער הַאנְד פוּן אַלֶע, אוּנְד
עֶר הָאט זֵייא גֶעפִיהְרְט רִינְגְס אַרוּם׃
23 אוּנְד פִילֶע הָאבֶּען גֶעבְּרַאכְט מַתָּנוֹת
צוּ דֶעם הַאר קֵיין יְרוּשָׁלַיִם, אוּנְד
שֶׁעהְנֶע גֶעשֶׁענְק צוּ יְחִזְקִיָּהוּ מֶלֶךְ פוּן
יְהוּדָה, אוּנְד עֶר אִיז דֶערְהוֹיבֶּען
גֶעוָוארֶען פָאר דִיא אוֹיגֶען פוּן אַלֶע פֶעלְקֶער נָאךְ דֶעם דָאזִיגֶען׃ 24 אִין דִיא
זֶעלְבִּיגֶע צֵייט אִיז יְחִזְקִיָּהוּ קְרַאנְק גֶעוָוארֶען נָאהֶענְט צוּם שְׁטַארְבֶּען, אוּנְד עֶר
הָאט גֶעבֶּעטֶען צוּ דֶעם הַאר, אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם צוּגֶעזָאגְט אַז עֶר וֶועט
אִיהְם גֶעבֶּען אַ וְואוּנְדֶערְלִיכֶעס צֵייכֶען׃ 25 אָבֶּער יְחִזְקִיָּהוּ הָאט נִיט (צוּ גָאט)
צוּרִיגֶעקֶעהְרְט נָאךְ זֵיינֶע פֶערְגֶעלְטוּנְג, וָוארִין זֵיין הַארְץ אִיז דֶערְהוֹיבֶּען
(שְׁטָאלְץ) גֶעוָוארֶען, אוּנְד דָארוּם אִיז אִיבֶּער אִיהְם גֶעוֶועזֶען דֶער צָארְן, אוּנְד
אִיבֶּער יְהוּדָה אוּנְד יְרוּשָׁלַיִם׃ 26 אָבֶּער יְחִזְקִיָּהוּ הָאט זִיךְ גֶעדֶעמִיטִיגְט וֶועגֶען
זֵיין שְׁטָאלְצֶען הַארְץ, עֶר אוּנְד דִיא בֶּעוְואוֹינֶער פוּן יְרוּשָׁלַיִם, אַזוֹי דָאס דֶער
צָארְן פוּן דֶעם הַאר אִיז נִיט אִיבֶּער זֵייא גֶעקוּמֶען אִין דִיא טֶעג פוּן יְחִזְקִיָּהוּ׃
27 אוּנְד יְחִזְקִיָּהוּ הָאט גֶעהַאט רֵייכְטוּם אוּנְד זֶעהְר פִיל כָּבוֹד, אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ
גֶעמַאכְט אוֹצְרוֹת פוּן זִילְבֶּער אוּנְד גָאלְד, אוּנְד פוּן טֵייעֶרֶע שְׁטֵיינֶער, אוּנְד פוּן
בְּשָׂמִים, אוּנְד פוּן שִׁילְדֶען, אוּנְד אַלֶערְלֵייא גְלוּסְטִיגֶע כֵּלִים׃ 28 אוּנְד בֶּעהַאלְטֶענֶעס
(שֵׁייעֶרְס) פַאר תְּבוּאוֹת פוּן קָארְן, אוּנְד וֵויין אוּנְד עֶהְל, אוּנְד שְׁטַאלֶען פַאר אִיטְלִיכֶע
מִין בְּהֵמָה, אוּנְד שְׁטַאלֶען פַאר דִיא סְטַאדֶעס׃ 29 אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ גֶעמַאכְט שְׁטֶעט
פַאר דֶעם פִילֶען פִיךְ פוּן שָׁאף אוּנְד רִינְדֶער, וָוארִין גָאט הָאט אִיהְם גֶעגֶעבֶּען זֶעהְר
פִיל רֵייכְטוּם׃ 30 דֶער זֶעלְבִּיגֶער יְחִזְקִיָּהוּ הָאט פֶערְשְׁטָאפְּט דִיא אוֹיבֶּערְשְׁטֶע אוֹיס־
גֶענְג פוּן דֶעם וַואסֶער פוּן גִיחוֹן אוּנְד עֶר הָאט זֵייא גְרָאד אַרוּפְּגֶעבְּרַאכְט צוּ דֶער
מַעֲרָב־זֵייט פוּן דֶער שְׁטָאט פוּן דָוִיד, אוּנְד יְחִזְקִיָּהוּ הָאט מַצְלִיחַ גֶעוֶועזֶען אִין אַלֶע
זֵיינֶע מַעֲשִׂים׃ 31 אָבֶּער אִין דֶער זַאךְ פוּן דִיא שְׁלוּחִים פוּן דִיא פִירְשְׁטֶען פוּן בָּבֶל,
וָואס הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעשִׁיקְט צוּ פָארְשֶׁען וֶועגֶען דִיא וְואוּנְדֶער וָואס זֶענֶען גֶעטְהוּן
גֶעוָוארֶען אִין דֶעם לַאנְד, אִין דֶעם הָאט אִיהְם גָאט גֶעלָאזְט כְּדֵי אִיהְם צוּ פְּרִיפֶען אוּם
צוּ וִויסֶען אַלֶעס וָואס אִיז אִין זֵיין הַארְץ׃ 32 אוּנְד דִיא אִיבְּרִיגֶע זַאכֶען פוּן יְחִזְקִיָּהוּ
אוּנְד זֵיינֶע חֲסָדִים, זֶעה, זֵייא זֶענֶען אֵיינְגֶעשְׁרִיבֶּען אִין דֶער נְבוּאָה פוּן יְשַׁעְיָהוּ בֶּן
אָמוֹץ הַנָּבִיא, אוּנְד אִין דֶעם סֵפֶר פוּן דִיא קֶענִיגֶע פוּן יְהוּדָה אוּנְד יִשְׂרָאֵל׃ 33 אוּנְד
יְחִזְקִיָּהוּ הָאט זִיךְ גֶעלֶעגְט מִיט זֵיינֶע עֶלְטֶערְן, אוּנְד מֶען הָאט אִיהְם בֶּעגְרוּבֶּען אִין דֶעם
אוֹיבֶּערְשְׁטֶען קֶבֶר פוּן דִיא בְּנֵי דָוִד, אוּנְד גַאנְץ יְהוּדָה אוּנְד דִיא בֶּעוְואוֹינֶער פוּן יְרוּשָׁלַיִם
הָאבֶּען אִיהְם גֶעטְהוּן כָּבוֹד אִין זֵיין טוֹיט; אוּנְד מְנַשֶּׁה זֵיין זוּהְן הָאט רֶעגִירֶערְט אִין זֵיינֶער
שְׁטֶעל׃

יְחִזְקִיָּהוּ הַמֶּלֶךְ וִישַׁעְיָהוּ בֶן־אָמוֹץ הַנָּבִיא עַל־זֹאת וַיִּזְעֲקוּ
הַשָּׁמָיִם׃ וַיִּשְׁלַח יְהוָה מַלְאָךְ וַיַּכְחֵד כָּל־גִּבּוֹר חַיִל 21
וְנָגִיד וְשָׂר בְּמַחֲנֵה מֶלֶךְ אַשּׁוּר וַיָּשָׁב בְּבֹשֶׁת פָּנִים לְאַרְצוֹ
וַיָּבֹא בֵּית אֱלֹהָיו וּמִיצִיאֵו מֵעָיו שָׁם הִפִּילֻהוּ בֶחָרֶב׃
וַיּוֹשַׁע יְהוָה אֶת־יְחִזְקִיָּהוּ וְאֵת ׀ יֹשְׁבֵי יְרוּשָׁלִַם מִיַּד 22
סַנְחֵרִיב מֶלֶךְ־אַשּׁוּר וּמִיַּד־כֹּל וַיְנַהֲלֵם מִסָּבִיב׃ וְרַבִּים 23
מְבִיאִים מִנְחָה לַיהוָה לִירוּשָׁלִַם וּמִגְדָּנוֹת לִיחִזְקִיָּהוּ מֶלֶךְ
יְהוּדָה וַיִּנַּשֵּׂא לְעֵינֵי כָל־הַגּוֹיִם מֵאַחֲרֵי־כֵן׃ בַּיָּמִים 24
הָהֵם חָלָה יְחִזְקִיָּהוּ עַד־לָמוּת וַיִּתְפַּלֵּל אֶל־יְהוָה וַיֹּאמֶר
לוֹ וּמוֹפֵת נָתַן לוֹ׃ וְלֹא־כִגְמֻל עָלָיו הֵשִׁיב יְחִזְקִיָּהוּ כִּי 25
גָבַהּ לִבּוֹ וַיְהִי עָלָיו קֶצֶף וְעַל־יְהוּדָה וִירוּשָׁלִָם׃ וַיִּכָּנַע 26
יְחִזְקִיָּהוּ בְּגֹבַהּ לִבּוֹ הוּא וְיֹשְׁבֵי יְרוּשָׁלִָם וְלֹא־בָא עֲלֵיהֶם
קֶצֶף יְהוָה בִּימֵי יְחִזְקִיָּהוּ׃ וַיְהִי לִיחִזְקִיָּהוּ עֹשֶׁר וְכָבוֹד 27
הַרְבֵּה מְאֹד וְאֹצָרוֹת עָשָׂה־לוֹ לְכֶסֶף וּלְזָהָב וּלְאֶבֶן יְקָרָה
וְלִבְשָׂמִים וּלְמָגִנִּים וּלְכֹל כְּלֵי חֶמְדָּה׃ וּמִסְכְּנוֹת לִתְבוּאַת 28
דָּגָן וְתִירוֹשׁ וְיִצְהָר וְאֻרָוֹת לְכָל־בְּהֵמָה וּבְהֵמָה וַעֲדָרִים
לָאֲוֵרוֹת׃ וְעָרִים עָשָׂה לוֹ וּמִקְנֵה־צֹאן וּבָקָר לָרֹב כִּי נָתַן 29
לוֹ אֱלֹהִים רְכוּשׁ רַב מְאֹד׃ וְהוּא יְחִזְקִיָּהוּ סָתַם אֶת־ 30
מוֹצָא מֵימֵי גִיחוֹן הָעֶלְיוֹן וַיַּשְּׁרֵם לְמַטָּה־מַּעְרָבָה לְעִיר
דָּוִיד וַיַּצְלַח יְחִזְקִיָּהוּ בְּכָל־מַעֲשֵׂהוּ׃ וְכֵן בִּמְלִיצֵי ׀ שָׂרֵי 31
בָבֶל הַמְשַׁלְּחִים עָלָיו לִדְרֹשׁ הַמּוֹפֵת אֲשֶׁר הָיָה בָאָרֶץ
עֲזָבוֹ הָאֱלֹהִים לְנַסּוֹתוֹ לָדַעַת כָּל־בִּלְבָבוֹ׃ וְיֶתֶר 32
דִּבְרֵי יְחִזְקִיָּהוּ וַחֲסָדָיו הִנָּם כְּתוּבִים בַּחֲזוֹן יְשַׁעְיָהוּ בֶן־
אָמוֹץ הַנָּבִיא עַל־סֵפֶר מַלְכֵי־יְהוּדָה וְיִשְׂרָאֵל׃ וַיִּשְׁכַּב 33
יְחִזְקִיָּהוּ עִם־אֲבֹתָיו וַיִּקְבְּרֻהוּ בְּמַעֲלֵה קִבְרֵי בְנֵי־דָוִיד וְכָבוֹד
עָשׂוּ־לוֹ בְמוֹתוֹ כָל־יְהוּדָה וְיֹשְׁבֵי יְרוּשָׁלִָם וַיִּמְלֹךְ מְנַשֶּׁה
בְּנוֹ תַּחְתָּיו׃

לג

א בֶּן־שְׁתֵּים עֶשְׂרֵה שָׁנָה מְנַשֶּׁה בְמָלְכוֹ וַחֲמִשִּׁים וְחָמֵשׁ
2 שָׁנָה מָלַךְ בִּירוּשָׁלָםִ: וַיַּעַשׂ הָרַע בְּעֵינֵי יְהוָה כְּתֽוֹעֲבוֹת
3 הַגּוֹיִם אֲשֶׁר הוֹרִישׁ יְהוָה מִפְּנֵי בְּנֵי יִשְׂרָאֵל: וַיָּשָׁב וַיִּבֶן
אֶת־הַבָּמוֹת אֲשֶׁר נִתַּץ יְחִזְקִיָּהוּ אָבִיו וַיָּקֶם מִזְבְּחוֹת
לַבְּעָלִים וַיַּעַשׂ אֲשֵׁרוֹת וַיִּשְׁתַּחוּ לְכָל־צְבָא הַשָּׁמַיִם וַיַּעֲבֹד
4 אֹתָם: וּבָנָה מִזְבְּחוֹת בְּבֵית יְהוָה אֲשֶׁר אָמַר יְהוָה בִּירוּשָׁלַםִ
ה יִהְיֶה־שְּׁמִי לְעוֹלָם: וַיִּבֶן מִזְבְּחוֹת לְכָל־צְבָא הַשָּׁמָיִם בִּשְׁתֵּי
6 חַצְרוֹת בֵּית־יְהוָה: וְהוּא הֶעֱבִיר אֶת־בָּנָיו בָּאֵשׁ בְּגֵי בֶן־
הִנֹּם וְעוֹנֵן וְנִחֵשׁ וְכִשֵּׁף וְעָשָׂה אוֹב וְיִדְּעוֹנִי הִרְבָּה לַעֲשׂוֹת
7 הָרַע בְּעֵינֵי יְהוָה לְהַכְעִיסוֹ: וַיָּשֶׂם אֶת־פֶּסֶל הַסֶּמֶל אֲשֶׁר
עָשָׂה בְּבֵית הָאֱלֹהִים אֲשֶׁר אָמַר אֱלֹהִים אֶל־דָּוִיד וְאֶל־
שְׁלֹמֹה בְנוֹ בַּבַּיִת הַזֶּה וּבִירוּשָׁלַםִ אֲשֶׁר בָּחַרְתִּי מִכֹּל
8 שִׁבְטֵי יִשְׂרָאֵל אָשִׂים אֶת־שְׁמִי לְעֵילוֹם: וְלֹא אוֹסִיף
לְהָסִיר אֶת־רֶגֶל יִשְׂרָאֵל מֵעַל הָאֲדָמָה אֲשֶׁר הֶעֱמַדְתִּי
לַאֲבֹתֵיכֶם רַק ׀ אִם־יִשְׁמְרוּ לַעֲשׂוֹת אֵת כָּל־אֲשֶׁר צִוִּיתִים
9 לְכָל־הַתּוֹרָה וְהַחֻקִּים וְהַמִּשְׁפָּטִים בְּיַד־מֹשֶׁה: וַיֶּתַע מְנַשֶּׁה
אֶת־יְהוּדָה וְיֹשְׁבֵי יְרוּשָׁלָםִ לַעֲשׂוֹת רָע מִן־הַגּוֹיִם אֲשֶׁר
י הִשְׁמִיד יְהוָה מִפְּנֵי בְּנֵי יִשְׂרָאֵל: וַיְדַבֵּר יְהוָה אֶל־
11 מְנַשֶּׁה וְאֶל־עַמּוֹ וְלֹא הִקְשִׁיבוּ: וַיָּבֵא יְהוָה עֲלֵיהֶם אֶת־
שָׂרֵי הַצָּבָא אֲשֶׁר לְמֶלֶךְ אַשּׁוּר וַיִּלְכְּדוּ אֶת־מְנַשֶּׁה בַּחֹחִים
12 וַיַּאַסְרֻהוּ בַּנְחֻשְׁתַּיִם וַיּוֹלִיכֻהוּ בָּבֶלָה: וּכְהָצֵר לוֹ חִלָּה
אֶת־פְּנֵי יְהוָה אֱלֹהָיו וַיִּכָּנַע מְאֹד מִלִּפְנֵי אֱלֹהֵי אֲבֹתָיו:
13 וַיִּתְפַּלֵּל אֵלָיו וַיֵּעָתֶר לוֹ וַיִּשְׁמַע תְּחִנָּתוֹ וַיְשִׁיבֵהוּ יְרוּשָׁלַםִ
14 לְמַלְכוּתוֹ וַיֵּדַע מְנַשֶּׁה כִּי יְהוָה הוּא הָאֱלֹהִים: וְאַחֲרֵי־
כֵן בָּנָה חוֹמָה חִיצוֹנָה ׀ לְעִיר־דָּוִיד מַעְרָבָה לְגִיחוֹן
בַּנַּחַל וְלָבוֹא בְשַׁעַר הַדָּגִים וְסָבַב לָעֹפֶל וַיַּגְבִּיהֶהָ מְאֹד
טו וַיָּשֶׂם שָׂרֵי־חַיִל בְּכָל־הֶעָרִים הַבְּצֻרוֹת בִּיהוּדָה: וַיָּסַר

## קאפיטעל לג

1 מְנַשֶּׁה איז צְוועלְף יאָהר אַלט געוועזען ווען ער האָט אָנגעהויבּען צוּ רעגירען, אוּנד ער האָט רעגירט פינף אוּנד פוּפציג יאָהר אין יְרוּשָׁלַיִם: 2 אוּנד ער האָט געטהוּן שׁלעכטעס אין דיא אויגען פוּן דעם האַר, נאָך אַלע אוּמווערדיגקייטען פוּן דיא גוֹיִם וואָס דער האַר האָט פערטריבּען פאַר דיא קינדער יִשְׂרָאֵל: 3 וואָרין ער האָט ווידער אויפגעבּויעט דיא בָּמוֹת וואָס יְחִזְקִיָּהוּ זיין פאָטער האָט אָפּגעבּראָכען, אוּנד ער האָט אויפגעשטעלט דיא מִזְבְּחוֹת צוּ דיא בְּעָלִים, אוּנד ער האָט געמאַכט לינדען בּיימער אוּנד ער האָט זיך געבּיקט צוּ אַלע חַיָלוֹת פוּן דעם הימעל, אוּנד ער האָט זייא געדינט: 4 אוּנד ער האָט אויך געבּויעט מִזְבְּחוֹת אין דעם האַר׳ס הויז, פוּן וואָס דער האַר האָט געזאָגט אַז אין יְרוּשָׁלַיִם זאָל זיין מיין נאָמען אויף עביג: 5 אוּנד ער האָט געבּויעט מִזְבְּחוֹת צוּ אַלע חַיָלוֹת פוּן דעם הימעל, אין דיא צווייא הויפען פוּן דעם האַר׳ס הויז: 6 אוּנד ער האָט אויך דוּרכגעפיהרט זיינע זיהן דוּרך דעם פייער אין דעם טָהאַל פוּן בֶּן הִנֹּם, אוּנד ער האָט זיך אָפּגעגעבּען מיט וואָהרזאָגערייא אוּנד כִּשּׁוּף, אוּנד ער האָט בּעשטעלט טויטען בּעשווערער, אוּנד ער האָט נאָך פערמעהרט שׁלעכטעס צוּ טהוּן אין דיא אויגען פוּן דעם האַר, כְּדֵי איהם צוּ ערגערן: 7 אוּנד ער האָט אויך געמאַכט דאָס בּילד, דעם געצען וואָס ער האָט אַריינגעשטעלט אין גאָט׳ס הויז, פוּן וועלכען גאָט האָט געזאָגט צוּ דָוִד אוּנד צוּ זיין זוּהן שְׁלֹמֹה, דאָס אין דעם דאָזיגען הויז אין יְרוּשָׁלַיִם וואָס איך האָב אויסדערוועהלט פוּן אַלע שְׁבָטִים פוּן יִשְׂרָאֵל, וועל איך טהוּן מיין נאָמען אויף עביג: 8 אוּנד איך וועל ניט מעהר אָפּטהוּן דיא פיס פוּן יִשְׂרָאֵל פוּן דעם לאַנד וואָס איך האָב בּעשטימט פאַר אייערע עלטערן, נייערט ווען זייא וועלען היטען צוּ טהוּן אַלעם וואָס איך האָב געבּאָטען, דיא גאַנצע תּוֹרָה, אוּנד דיא חוּקִים אוּנד דיא מִשְׁפָּטִים דוּרך משֶׁה: 9 אוּנד מְנַשֶּׁה האָט פערפיהרט יְהוּדָה אוּנד דיא בּעוואוינערס פוּן יְרוּשָׁלַיִם צוּ טהוּן שׁלעכטער דען דיא גוֹיִם וועלכע דער האַר האָט פערטילגט פאַר דיא קינדער פוּן יִשְׂרָאֵל: 10 אוּנד דער האַר האָט גערעדט צוּ מְנַשֶּׁה אוּנד צוּ זיין פאָלק, אָבּער זייא האָבּען עס ניט געוואָלט פערנעמען: 11 אַזוֹי האָט דער האַר איבּער זייא געבּרענגט דיא אויבּערשטע פוּן דעם חַיִל פוּן דעם מֶלֶךְ פוּן אַשּׁוּר, אוּנד זייא האָבּען מְנַשֶּׁה בּעצוואוּנגען מיט רינגען, אוּנד זייא האָבּען איהם געבּוּנדען מיט קעטען אוּנד זייא האָבּען איהם אַוועקגעפיהרט קיין בָּבֶל: 12 אוּנד ווען עס איז איהם ענג געוועזען אַזוֹי האָט ער אָנגעבּעטען דאָס פָּנִים פוּן דעם האַר זיין גאָט, אוּנד ער האָט זיך זעהר אוּנטערטעניג געמאַכט פאַר דעם גאָט פוּן זיינע עלטערן: 13 אוּנד ער האָט זיך פוּן איהם געבּעטען, אוּנד ער האָט איהם געלאָזט דערבּעטען, אוּנד ער האָט דערהערט זיין געבּעט, אוּנד ער האָט איהם צוּריקגעבּראַכט קיין יְרוּשָׁלַיִם צוּ זיין קעניגרייך; אוּנד מְנַשֶּׁה האָט דערקענט אַז דער האַר איז גאָט: 14 אוּנד נאָכדעם האָט ער געבּויעט דיא אויסווענדיגסטע מויער פוּן דער שטאָט פוּן דָוִד אַן דער מַעֲרָב־זייט בּייא דעם טייך גִיחוֹן, דהיינוּ, אַזוֹי ווִיא מען קוּמט אַריין בּייא דעם פיש־טויער, אוּנד ער האָט עס אַרוּמגערינגעלט בּייא עוֹפֶל, אוּנד ער האָט זיא זעהר הויך געמאַכט, אוּנד ער האָט אָנגעשטעלט אויבּערשטע פוּן דעם חַיִל אין אַלע פעסטע שטעט אין יְהוּדָה: 15 אוּנד ער האָט אָפּגעטהוּן

דיא

